To the Postmaster:—Please give key number of all notifications pertaining to change of address.

# FRIEND

# פריינד

## אפיציעלער ארגאן פון ארבייטער רינג






### אינהאלט

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

E. H. JESHURIN, National Chairman
I. ALPERT, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary
L. ARKIN, Secretary National Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
R. SALTZMAN, Treasurer
I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XII JANUARY, 1921. No. 1.



# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**צום נייעם יאָר**

דער ערשטער פינפט־חלק פון דעם צוואַנציג־סטען יאָרהונדערט איז צו ענד. ער שליסט זיך איצט אָפּ פאַר אונזערע אויגען מיט אַ שליסעל, פון וועלכען עס טראָפּט נאָך דאָס בלוט און די טרערען פון אונזער פאָלק. צו אונזער רייכער מאַרטירער־געשיכטע האָט זיך צו־געשריבען דאָס שוידערליכסטע קאַפּיטעל. צו די פּרעה'ס וואָס האָבען זיך געבאָדען אין דעם וואַרעמען בלוט פון אונזערע קינ־דער, זיינען צוגעקומען נאָך אַ היבשע צאָל קרעציגע טיראַנען. די מצורע'דיגסטע גייסטער פון אונזער צייט האָבען זיך גע־פּרובט רייניגען אין דעם שאַנד פון אונזערע טעכטער און אין דער פאַרשוועכונג פון אונזערע הייליגטימער. די קראַנקסטע פאַנטאַזיעס פון די מזוהם'דיגסטע סאַדיסטען האָבען זיך גע־פּרובט באַפרידיגען זייערע תאוות מיט די לייבער און נשמות פון אונזערע ברידער און שוועסטער.

און אַרום איז געשטאַנען מיט אייזיג־קאַלטער גלייכגילטיג־קייט אַ באַוואָפּענטע וועלט, וואָס דאַרף עס כלומר'שט האַלטען „אָרדנונג" און באַשיצען די הייליגע יסודות פון דער ציוויליזאַציע; געמאַכט זיך ווי זי זעהט נישט, ווי זי הערט נישט. געשפּילט זיך פון איין זייט מיט „ישועות" פאַר אידען און פון דער צווייטער זייט אונטערגערוקט די מעסערס און די קוילען, מיט וועלכע די רוצחים האָבען געטאָן זייער אַרבייט.

אַ „פעלקער־ליג" איז עס אין דער זעלבער צייט געזעסען, אויסגעטיילט „גערעכטיגקייט", געוואויגען און געמאָסטען עולות און טענות, צוגעהערט זיך צו פּראָטעסטען, אַריינגעלעגט זיך אין שלום, געסטראַשעט — דאָ מיט אַ פינגער און דאָ מיט אַ ביקס, גע'פשרה'ט — דאָ געבעטענערהייט, דאָרט אומגעבעטע־נערהייט, געזוכט פּגימות און סירכות אין איין אָרט און נעבאָך גאָרנישט געזעהן און געהערט ווי אין אַנדערע ערטער שרייען די שטיינער פון די חורב'ע ווענט און אַן אייביג פאָלק ווערט פאַר־טיליגט און פאַרלענגרט!

ווען מיר דאָס אַזוי ניך פאַרגעסען? און ווען אפילו די מיילער פון די קברים וועלען שוין פאַרמאַכט ווערען און דאָס זידענדע בלוט וועט ווערען פאַרטריקענט און די וויסטע חרפּות פון אונזערע טעכטער וועלען שוין אָפּגעווישט ווערען — וועלען מיר עס פאַרגעסען? וועלען מיר עס מ ע ג ע ן פאַרגעסען?

און צי וועלען מיר געדענקען אַ צווייטע זאַך, וואָס איז נישט ווייניגער וויכטיג — אַז גראָד דאָרט, וואו אויסערגעוועהנליכער הונגער און נויט פּייניגען שוין עטליכע יאָר אַ גרויס פאָלק, אַן אומגעלערנט פאָלק, אַזאַ, וואָס איז נאָך נישט דערוואַקסען צו דער „הויכער" מדרגה פון דעמאָקראַטיע, וואו עס שטעהען שוין אַזעלכע „קולטור־פעלקער" ווי פּוילען, אוקראַינאַ און אונגאַרן — גראָד דאָרט איז נישט געקרימט געוואָרען קיין האָר אויף דעם קאָפּ פון אַ אידען דערפאַר, ווייל ער איז אַ איד. מיר טאָרען נישט מיד ווערען איבערצו'חזר'ן אָט דעם פאַקט ביי־טאָג און ביי־נאַכט, אין הויז און אין גאַס, אין שולע און אין דעם מיטינג־האָל, פאַר אונזערע קינדער און פאַר אונזערע זקנים, אַז אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט די פאָן פון דער סאָציאַליסטישער רע־פּובליק באַשיצט אַלע וואָס נויטיגען זיך אין שוץ און צום ער־שטען מאָל אין דער גאַנצער לאַנגער געשיכטע פון ציוויליזאַציע האָט אַ רעגירונג פון אַ גרויס פאָלק אויסגעגעבען מיליאָנען און מיליאָנען נישט נאָר צו באַקעמפען די פּאָגראָמשטשיקעס און די פּאָגראָמען, נאָר וואָס ס'איז נאָך וויכטיגער — צו באַקעמפען די פּאָגראָם־א י ד ע ע ן, אויסצוואָרצלען די אייביגע שנאה צום אייביגען פאָלק.

מיר וואָלטען געבליבען די אַמאָליגע מה־יפית־אידען, מיר וואָלטען זיך אַראָפּגעלאָזען צו דער מדרגה פון שפלות און קנעכט־שאַפט, וואו אונזערע שונאים ווילען אונז זעהן, אויב מיר וואָלטען נישט געהאַלטען אין איין איבער'חזר'ן בקול רם דעם דאָזיגען אמת...

מיר ווילען גלויבען, אַז דער נייער יאָר וועט זעהן די פול־שטענדיגע אויפריכטונג פון ד ע ר גרויסער אידעע, וואָס איז געוועזען בכח צו שאַפען אַזאַ וואונדער אין יענער מזרח־לאַנד. זאָלען מיר מיט אַלע קעמערלאַך פון אונזער ברוסט האָפען צו דעם און מיט אַלע אָטעמען פון אונזער ענערגיע קעמפען פאַר דעם...

* * *

**אונזערע פליכטען**

אָבער מיר טאָרען נישט פאַרגעסען נאָך אַ זאַך. אויסער די צעהנדליכע טויזענטע הרוגים, וועלכע מיר וועלען שוין קיינמאָל נישט לעבעדיג מאַכען, זיינען אָבער געבליבען הונדערטער טויזענטער צוקאַליעטשעטע, צו'נהרג'טע און צו'מזיק'טע, אָהן מיטלען, אָהן אויסזיכטען, אפילו אָהן' אַ צובראָכענעם שטעקען, אויף וועלכען זיך אָנצו־שפּאַרען. די יתומים מוזען אַזוי שנעל ווי מעגליך פיהלען, אַז זייער לאַגע איז נישט קיין פאַרצווייפעלטע. די רואינירטע אַלמנות, די פאַרשוועכטע מיידלאַך, די צוראַבירטע מאַטעריעל און גייסטיג, מוזען גלייך דערפילען אונזער מיטפיהלענדע האַרץ, אויב מיר ווילען נישט, אַז זיי זאָלען נאָך פאַרלירען דעם זינען און פאַרזונקען ווערען אין אָפּגרונד פון מרה־שחורה. דאָס, וואָס מיר האָבען געגעבען, וועט מוזען נאָר זיין אַן אָנהייב. ווייל, ווי די צייט ביי אונז איז שלעכט, ווי מיר זיינען אין אַ גאַנצען ציקל פון סטרייקען און לאָקאַוטס, ווי מיר זאָלען איצט נישט האָבען פאַר זיך אונזערע אייגענע פּראָבלעמען און אונזערע איי־גענע שווערע קאַמפען, מוזען מיר אָבער כסדר געדענקען, אַז די הונגעריגע, נאַקעטע און באָרוועסע אידען אין די מזרח־אייראָ־פּעאישע לענדער וואָלטען זיך ווינשען צו זיין אין אונזער לאַגע, אַז זייערע אַרבייטער־אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרען מיט אַזוי פיל קרבנות, זיינען אויפ'ן שוועל פון אונ־טערגאַנג אויב מיר וועלען נישט קומען צו הילף.

נישט קוקענדיג אויף אַלע שוועריגקייטען, אויף אַלע צוימען און שטערונגען, האָט דאָך די גענעראַל־עקזעקוטיווע פון אַ.־ר. באַשלאָסען, אַז אונזער רעליף־קאַמפּיין פאַר די 75 טויזענט דאָ־לער זאָל ווערען אָנגעפירט נאָך ענערגישער און זאָל איבער־שטייגען אַלץ וואָס מיר האָבען געטאָן פאַר'ן רעליף ביז היינט. מיר מוזען ווייזען אונזערע נאַציאָנאַלע פאַרוואַלטער, אַז זיי האָבען זיך נישט אָפּגענאַרט נישט אין אונזער אינטעליגענץ, נישט אין אונזער אָפּפערווילליגקייט און נישט אין אונזערע רע־סורסען פון ענערגיע. מיר ו ו ע ל ע ן עס גוטמאַכען! מיר מ ו ז ע ן עס גוטמאַכען!

* * *

**אין אונזערע רייהען**

אין איינגע שטעט האָט זיך שוין דער קאַמפּיין פאַר הונדערט טויזענט מיטגלידער רעכט פאַנאַנדערגעוואַרעמט און רעזולטאַטען פאַרפעלען נישט צו קומען; אין אַנדערע ערטער, פון אַ גאַנץ באַדייטענדען כאַראַקטער. אין די גרעסטע צאָל ברענטשעס, אָבער, הענגט נאָך אַלץ אַן אַפּאַטיע איבער די קעפּ און עס איז נאָך ביז יעצט גאָרנישט געטאָן געוואָרען כדי אָנצוהייבען די נישט גאָר גרינגע אַרבייט פון פאַרגרעסערן די מיטגלידערשאַפט אויף אַ פערטעל.

אונז דוכט, אַז הויפּטזעבליך זיינען אין דעם שולדיג די אומאינטערעסאַנטע ברענטש־מיטינגען, וואָס האָבען נישט אין זיך די צוציהונגס־קראַפט, אַז די מיטגלידער זאָלען זיי באַזוכען. און אַז אויפ'ן מיטינג איז נישטאָ קיין מנין, איז אויך נישטאָ קיין אַטמאָספערע, וואָס איז מסוגל צו מאַכען מענשען טאָן.

צו מאַכען לעבעדיגער און אינטערעסאַנטער די מיטינגען

איז יעצט איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאבען, וואס שטעהען פאר די ברענטשעס. געוועהנליך האבען מיר נישט קיין שפרוך, אדער וועלכען עס איז צירוף פון שמות, וואס זאל גלייך לעזען די פראגע. עס איז אבער א פאקט, אז עס איז נישט אזוי שווער ווי עס קען זיך אויסווייזען אויפ'ן ערשטען בליק. עס זיינען פאראן גענוג אינטערעסאנטע פראגען אין א.־ר. גופא, וואס קענען אויפגעהויבען ווערען אין די ברענטשעס. מיר גיבען אויף אן אנדער פלאץ אין דעם נומער „פריינד" א מוסטער פון 4 א.־ר. און 4 אלגעמיינע ארבייטער־פראגען, וואס קענען דיסקוטירט ווערען אין די ברענטשעס. מיר וועלען זיך אויך אנשטרענגען צו געבען אין יעדען נומער א קאנספעקט פון א קורצען פארטראג. דער פעהיגסטער אין בראנטש צו האלטען אן איינלייטונג שטודירט גענוי דורך דעם קאנספעקט און באזירט אויף אים זיין איינלייטונג.

מיר זיינען זיכער, אז ווי נאר עס וועט באקאנט ווערען צווישען די מיטגלידער פון בראנטש, אז די מיטינגען זיינען געווארען אינטערעסאנטער און אז ער קען דארט הערען און פאנאנדערקלייבען זיך צווישען פארשידענע מיינונגען — וועט ער טאקע נישט אזוי אפט בלייבען זיצען אין דער היים. עס איז דאך שוין א לאנג באקאנטע זאך, אז דאס ביסעל ביזנעס, וואס יעדער בראנטש האט צו באזארגען, קען פארהאנדעלט ווערען אין איין האלבער שעה און די איבעריגע צייט קען פארווענדט ווערען אויף דיסקוטירען לעבעדיגע טאג־פראגען, סאי פון א.־ר., סאי פון דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג.

מ'ר רופען דאריבער די ברענטשעס, וואס ליידען פון בלוטארעמע מיטינגען, צו ארגאנזשירען לעקציעס (שרייבט זיך דורך וועגען דעם מיט דעם בילדונגס דעפארטמענט), רעבאטען, איינלייטונגען און אלגעמיינע דיסקוסיעס. אנטוישט זיך נישט גיך, ווען עס ארבייט נישט איינס־צוויי! איר קענט דאך נישט מיט איינמאל דורכברעכען א פאראורטייל, וואס האט זיך שוין כמעט ווי איינגעבירגערט אין באוואוסטזיין. האט געדולד. פירט־איין מעטאדיש און סיסטעמאטיש די „עדיוקיישאנאל־מיטינגען — די רעזולטאטען וועלען זיך מיט דער צייט ווייזען.

איבערהויפט דארפען די דיסטריקט און סיטי קאמיטעס אויף די ערטער נישט פארשלאפען די געלעגענהייט און אויפטרייסלען דורך אונזערע קאמפיינס די אלגעמיינע לעטארגיע פון די ברענטשעס.

אין ניו־יארק גופא, טראץ דער דריקענדער ארבייטסלאזיגקייט, פירט אן די סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע א לעבעדיגען ארגאניזאציאנס־קאמפיין. די גרויסע קאנצערטען, וואס זיינען ארגאנזשירט געווארען אלס קאמפיין־ערעפענונגען אין בראנזוויל, דאון־טאון און בראנקס, האבען געצויגען ארום אכט טויזענט מענשען. דאס האט געבראכט דעם שלאג־ווארט פון קאמפיין אין אלע ווינקעלאך פון דער גרויסער וועלט־שטאט.

* * *

**„קינדערלאנד"** דאס איז דער נאמען פון דעם קינדערזשורנאל, וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע פון ארבייטער־רינג וועט ארויסגעבען פון ניי־יאר אן. ווען אט דער נומער „פריינד" וועט גרייכען די לעזער, וועט שוין געוויס דער ערשטער נומער „קינדערלאנד" זעהן די ליכטיגע שיין צו דער פרייד פון ארום פיר טויזענט קינדער, וואס לערנען אין אונזערע א.־ר. שולען און צו דער פרייד פון נאך טויזענטער קינדער, אויסער די שולען.

די רעדאקציע פון „קינדערלאנד" וועט זיך געבען די גרעסטע מיה צו מאכען אים באליבט ביי אונזערע קינדער, ווי ביי די עלטערן פון די קינדער. זי האט איינגעלאדען מיטצואַרבייטען אין דעם זשורנאל די בעסטע קרעפטען אין דער אידישער קינדער־ליטעראטור. זי וועט זיך באנוצען מיט איבערזעצונגען פון די בעסטע זאכען אין דער וועלט־ליטעראטור, פאר קינדער. דער זשורנאל וועט זיין אילוסטרירט און רייך אין פארשידענע אפטיילונגען, ווי ערצעהלונגען, לידער, ביאגראפיעס, פיעסען, בילדער, שפילען, נייס פון דער קינדער־וועלט, רעטענישען, שאראדען, שפיל־פראבלעמען, וויסענשאפטליכע קוריאזען א. א. וו.

דער פרייז פאר א יאר וועט זיין $1.50 און פאר א האלב יאר—80 סענט. איינציגע קאפיעס וועלען פארקויפט ווערען צו 15 סענט.

דער באשלוס ארויסצוגעבען אזא זשורנאל איז נאך אנגענומען געווארען אין מאי אויפ'ן צוזאמענפאר פון די טוער אין די א.־ר. קינדער־שולען און איז גוטגעהייסען געווארען פון דער צוואנציגסטער א.־ר. קאנווענשאן אין נוארק.

מיר ווינשען אט דעם נייעם צווייג פון די ליטערארישע אונטערנעמונגען פון ארבייטער־רינג א פרעכטיגע פאנאנדערבליהונג.

* * *

**די קינדער־רעליף־וואך** די וואך פון „קריסמעס" ביז ניי־יאר איז באשטימט געווארען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו־קאמיטע פון א.־ר. אלס א קינדער־רעליף וואך, אין וועלכער אונזערע קינדער פון די א.־ר. שולען און אויסער די שולען, זאלען אפשפארען פון זייער קענדי־געלט און ביישטייערן פאר דעם קינדער־רעליף־פאנד אין פוילען, ליטא און לעטלאנד. דאס געלט וועט געהן אויסשליסליך פאר די פאלקסשולען, וואס ווערען דארט אויסגעהאלטען פון די ארבייטער־ארגאניזאציעס. דארט ווערען די קינדער אויך געשפייזט און געקליידט אויסער וואס זיי ווערען געלערנט. עס וועט אסור זיין אן עבירה ווען נישט נאר די קענדי־געלט פון אונזערע קינדער וועט אפגעשפארט ווערען פאר דעם צוועק, נאר ווען אונזערע דערוואקסענע וועלען אויך צולייגען א האנט און העלפען אונזער קליינווארג דורכפירען די זאמלונג אויף א גרויסען מאסשטאב. פאראיארען האבען די דריי שיקאגא'ר א.־ר. שולען אליין, אויף זייער אייגענער איניציאטיווע, געזאמעלט $500 פאר די ווארשעווער שולען פון די אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס.

זאלען מיר זשע אלע העלפען אונזערע קליינע ענטוזיאסטישע טוער נישט נאר מיט אונזער דערמוטיגונג, נאר אויך מיט אונזער ביישפיל. און נישט נאר אין דער קריסמעס־וואך, נאר מיר מעגען די זאמלונג פארטזעצען פאר די נאהנטסטע עטליכע וואכען, ביז דער פאנד וועט ווערען פון אזא גרויס, אז ער וועט דערמוטיגען אונזערע קינדער צו ווייטערדיגע גרויסע און אפפערווילינגע מעשים.

* * *

**„פריינד" פייערונגען** לכבוד דעם צען־יעריגען יובילעאום פון „פריינד" אראנזשירט דער שטאטישער בילדונגס־קאמיטעט פון א.־ר. אין ניו־יארק צוויי גראנדיעזע קאנצערטען און פייערונגען; איינעם דאון־טאון, דעם 21טען יאנואר, און א צווייטען אין בראנזוויל, דעם 28טען יאנואר. אזעלכע אונטערנעמונגען קענען אויסגענוצט ווערען אין אנדערע שטעט פאר צילען פון רעליף, אדער ארטיגען שולפאנד. גלייכצייטיג קענען די אונטערנעמונגען אויסגענוצט ווערען אין פארשידענע ערטער פאר ארגאניזאציאנס־צוועקען. זאלען טאקע אויך זייטיגע וויסען, אז דער א.־ר. גיט שוין ארום צען יאר א זשורנאל, וואס רופט זיך אפ אויף פארשידענע געזעלשאפטליכע ערשיינונגען און וואס שפיגעלט אפ די א.־ר. באוועגונג אין אירע אלע קאלירען און ניואנסען.

## נישטא מער דר. חיים קלימענקא!

נישטא מער אונזער געטרייער, גוטער גענאסע און פריינד, וואס האט זיך אזוי באליבט געמאכט אין אונזערע רייהען! נישטא מער דער איבערגעגעבענער טוער און ראט־געבער פון אונזער „מעדיקאל אדוויזארי באארד", נישטא מער אונזער ליבער מיטארבייטער פון „פריינד", דר. חיים קלימענקא. ער האט די אפעראציע נישט אויסגעהאלטען.

און ער איז דאך געוועזן אזוי יונג, מיט אזוי־פיל אמביציעס און וויזיאנען! ער האט דאך ערשט רעכט פאנאנדערגעוויקעלט זיינע טעטיגקייטען; ער האט דאך נאך געהאלטען אין איין שטייגען אויפ'ן לייטער פון וויסענשאפט און געזעלשאפטליכע אויפטואונגען. אינגאנצען 47 יאר אלט און ער האט שוין געשמ'ט מיט זיין פסיכיאטרישען וויסען און מיט זיינע ארטיקלען אין די מעדיצינישע זשורנאלען.

אבער נישט נאר האט די פסיכיאטרישע וויסענשאפט פארלארען א נוצליכען און ערליכען פארשער און סטודענט. די אידישע ארבייטערשאפט אין אלגעמיין און דער א.־ר. איבערהויפט האט אין אים פארלארען איינעם פון אירע שענסטע מיטגלידער, איינעם פון אירע געטרייעסטע, אידעאליסטישע טוער. ביז דעם לעצטען מאמענט, ווען ער האט אויסגעהויכט זיין שענע נשמה, האט ער דעם א.־ר. פון זיין געדאנק נישט ארויסגעלאזט. אין זיין שרעקליכער אגאניע האט ער אנגעזאגט זיין פרוי, אז זיין קבר מוז זיין אויף דעם בית־עולם פון ארבייטער־רינג . . .

זאל דאס זיין א שטיקעל טרייסט פאר זיין עלענדער פרוי און איבערגעבליבענע יתומים, אז אכציג טויזענט מיטגלידער פון דעם גרויסען אָרדען בויגען זייערע קעפ אין טיפען טרויער און היילִיגען זיין שענעם אנדענקען.

# דער אַרב. רינג אין פאַרגאַנגענעם יאָר

פון י. ב. ביילין

אין לעבען פון געזעלשאַפטליכע קערפּערשאַפטען זיינען אויך פאַראַן זאַטע יאָרען און הונגעריגע, פעטע און מאָגערע. עס זייַנען פאַראַן יאָרען, וואָס זיינען ספּעציעל מסוגל פאַר דער פונאַנדערבליהונג פון געוויסע אָרגאַניזאַציעס, און אַזעלכע, וואָס ברענגען צו אַן אָפּבליהונג, צו אַ פאַלען פון בלעטער און פאַרטריקענונג פון צווייגען און וואָרצלען.

ווי ביי יעדער שפּראָצונג און פלאַנץ ווירקען דאָ אויך צוויי פאַקטאָרען: דער באָדען פון א ו נ ט ע ן און דער הימעל פון א ו י ב ע ן. די פעטקייט און די זאַפטען פון דער ע ר ד און די ליכט און וואַרעמקייט פון דער זון. ווען איין פאַקטאָר ווירקט נאָר און דער צווייטער איז אָפּוועזענד איז דער וואוקס נישט קיין גערעטענער. ווען ביידע פאַקטאָרען האָבען נישט דערפילט זייערע פליכטען איז עס אַ מאָגערעס יאָר, אַ ה ו נ ג ע ר־יאָר.

דער ב אָ ד ע ן פאַר געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס אין אַלגעמיין און פאַר ראַדיקאַלע איבערהויפּט איז געווען אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר פון 1920 נישט קיין גינסטיגער. נאָך־מלחמה־יאָרען איבערהויפּט זיינען, אין געזעלשאַפטליכען הינזיכט, ווי אויסגעשפּילטע און אַנטקרעפטעטע אַלטע בעלי־עבירות, וואָס האָבען שוין אויסגעשעפּט זייער קוואַל פון ענערגיע פאַר אַ לענגערער צייט. די אויסערגעוועהנליכע אָנשטרענגונגען פון די פריהערדיגע יאָרען זיינען ס'רוב אויפ'ן חשבון פון די שפּעטערדיגע. די געזעלשאַפט „רוהט" זיך אויס אין זיי, קלייבט אָן פרישע רעזערוואוואַרען פון כחות, אום דערנאָך זיי ווידער צו „ספּענדען" . . .

די א ט מ אָ ס פ ע ר ע אָבער פאַר פרייהייטליכע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס איז אויך געווען נישט קיין גינסטיגע, מ'קען זאָגען אַ שווערע, אַ בלייערנע. צו די „זיסע" נאָך־עפּעקטען פון דער מלחמה איז אויך צוגעקומען אַ רעאַקציע, וואָס די געשיכטע פון אונזער רעפּובליק האָט צו איר נישט קיין גלייכען ביישפּיל. די אַנטלויפענדע שאָטענס פון דער גאַנצער וועלט האָבען זיך אַהער פאַרקליבען און צוזאַמענגעפּרעסט אַזעלכע געדיכטע רויך־וואָלקענס, אַז עס איז אוממעגליך געוואָרען צו אָטעמען אפילו פאַר דעם יחיד, שוין ניט ריידענדיג פון געזעלשאַפטליכע גרופּען. אמת, די רעאַקציע־וואָלקענס האָבען זיך שוין געקליבען און געקליבען פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, אָבער זייער ווירקונג האָט זיך געלאָזט ערשט פיהלען אַמשטאַרקסטען אין 1920. אויב אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, אַזוי דערצו נאָך איינע פון די העלסטע נשמות פון וועלכע מיר ווייסען אין אונזער יעצטיגער געזעלשאַפט, איז געהאַלטען געוואָרען אין שטייג פון זיינעם אַ געגנער אין דער צייט פון קאַמפּיין, איז דאָס באמת זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דער משוגע'נער שרעקענס־צייט, וואָס מיר האָבען דורכגעלעבט.

ווי יעדע רעאַקציע, האָט אויך ד י, פיל שוואַכע מענשען אָפּגעשראָקען און אָפּהענגיג געמאַכט; ווי יעדע רעפּרעסיע, האָט זי טיילוויז דערגרייכט איר ציל — זי האָט איבערצייגט אירע געגנער מיט דעם שלאָגענדסטען פאַקט פון „דערזשי־מאָרדא" . . .

און נעמען מיר נאָך אין אַכט די עקאָנאָמישע דעפּרעסיע, דער אינדוסטריעלער קריזיס און די אַרבייטסלאָזיגקייט, וואָס האָט יטילערהייט אונטערגעשוועקט דעם באָדען אונטער אַרבייטער־געזעלשאַפטען מיט בייטראַג־צאָלונגען, האָבען מיר פאַר זיך די דריי הויפּט־מאָטיווען פאַר דעם ה ו נ ג ע ר אין יאָר 1920 אין געזעלשאַפטליכען לעבען.

דער אַרבייטער־רינג אַלס אַ ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע קערפּערשאַפט, אַלס אַ ר אַ ד י ק אַ ל ע קערפּערשאַפט און דערצו נאָך אַלס אַן אַ ר ב י י ט ע ר־קערפּערשאַפט, האָט געדאַרפט ליידען אין דער זעלבער מאָס ווי אַלע אַנדערע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס אין אָט דעם פאַרגאַנגענעם פינסטערן יאָר. עס וועט אָבער געוויס נישט זיין קיין איבערטרייבונג צו באַהויפּטען, אַז נישט נאָר איז דער אַרבייטער־רינג נישט געמינערט געוואָרען אויף אַ האָר אין קראַפט און באַדייטונג, נאָר אַז אפילו אין דעם אומגינסטיגען יאָר איז אונזער אָרדען געוואַקסען אָרגאַניזאַציאָנעל און נומעראַל, פינאַנציעל און גייסטיג, אין איינפלוס און אין ווירקונג אויף אַ ל ע געביטען פון זיין רייכער טעטיגקייט.

אַנשטאַט צו ברענגען לאַנגע קאָלומס מיט ציפערן, וואָס פאַרמאַטערן, וועלען מיר נאָר לעזען אַ פּאָר אויסצוגען פון זייטיגע אָפיציעלע קוואַלען, און וועמענס פּאַרטייאישקייט צום אַ.־ר. עס וועט קיינער, קיינער נישט צווייפלען.

שרייבט דער אינשורענס קאָמישיאָנער פון ניו־יאָרק סטייט דעם 25טען אָקט. 1920 צו זיין קאָלעגע, דעם אינשורענס קאָמישיאָנער פון טענעסי סטייט, געבענדיג אים אויסקונפטען וועגען אַ.־ר., וואָס איז נישט לאַנג צוריק לעגאַליזירט געוואָרען אין טענעסי סטייט:

„אונזער דעפּאַרטמענט האָט גענוי אונטערזוכט דעם צושטאַנד פון אַ.־ר. אין 1918 (דוכט זיך, מיר האָבען אייך צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון דעם באַריכט). זינט די אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרען האָבען מיר אַלע גרונדען צו גלויבען, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט ווייטער געמאַכט אַ באַדייטענדען פּראָגרעס" ... און ווייטער זאָגט זיך: „דער באַריכט, וואָס איז אונז צוגעשטעלט געוואָרען אין ענדע פון 1919 דורך מר. דזשאָרדזש ד. עלדרידזש, דער אַקטוערי פון אַ.־ר., ווייזט אָן אַ וואַליואַיישאָן פון 101.93% (דאָס הייסט אויף יעדען דאָלער התחייבות, וואָס דער אַ.־ר. האָט אויסצוצאָלען מיט דער צייט, האָט ער אויף דעם איין דאָלער מיט קנאַפּע 2 סענט.) מיר האַלטען עס פאַר זעהר אַ גוטען צושטאַנד, און קוסטען צום באַשלוס, אַז די גראַדואירטע איינפירונג פון „פּראָפּאָרציאָנאַל רייטס", וואָס דער אַ.־ר. האָט גענומען איינפירען פון אָנהייב 1918 און וואָס דאַרפען אָנהאַלטען ביז 1921, איז געווען ערפאָלגרייך. די געזעלשאַפט ציינט אויך אַ באַדייטענדען וואוקס אין מיטגלידערשאַפט.

„מיר האַלטען, אַז זייער פאַרוואַלטונג איז פעהיג און שפּאָרזאַם און אַזוי ווי די רייטס וועלען זיך נאָך דעם נייעם יאָר ווידער פאַרגרעסערן, גלויבען מיר, אַז אָט די געזעלשאַפט (דער אַ.־ר.) וועט נאָך וויזען גרעסערע ערפאָלגען אַביסעל שפּעטער און וועט פאָרזעצען צו זיין אַן ערפאָלגרייכע אָרגאַניזאַציע"

## פירושי סדערצו זיינען דוכט זיך נישט נויטיג.

נעמען מיר דעם אַ.־ר. אויף דעם קולטורעלען געביט, איז עס דער רייכסטער יאָר אין דער גאַנצער געשיכטע פון אַ.־ר. דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט האָט זיך פאַנאַנדערגעצווייגט און אויסגעברייטערט זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. די פאָרלעזנערישע אַרבייט איז באַדייטענד פאַרגרעסערט געוואָרען און ווערט לעצטענס אַוועקגעשטעלט סאָליד און אָרגאַניזירט. איבער 60 לערער ווערען יעצט באַשעפטיגט אין די 40 אַ.־ר. קינדער־שולען, וואָס דאָס מיינט אויך, אַז מיר האָבען צוגעקריגען אויף די ערטער נייע 60 אינטעליגענטע קרעפטען, און וועלכע שאַפען אַרום זיך קולטורעלע סביבות. אַ לעקציע־טור, וואָס זאָל דעקען די ווייטסטע און פאַרוואָרפענסטע מקומות פון אַ.־ר. ישובים, איז אָרגאַניזירט געוואָרען און ווערט דורכגעפירט. דער עדיוקיישאַנאַל דעפּאַרטמענט הייבט אָן אויך פון נייעם יאָר אַרויסצוגעבען אַ קינדער־זשורנאַל, אויסער דעם מאָנאַטליכען „פריינד", וואָס ער גיט שוין אַרויס צען יאָר. אַ חוץ דעם איז דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט פאַרקניפּט און פאַרבונדען געוואָרען מיט פאַרשידענע קולטורעלע אַנשטאַלטען, ווי מיט דער רענד־סקול, יוניימער לייבאָר עדיוקיישאַנאַל קאָמ., אידישער לערער־סעמינאַר, וויסענשאַפטליכע קאָמיסיע פאַר אידישע אָרטאָגראַפיע און נאָך אַנשטאַלטען. דאָס ווייזט אַז דער אַ.־ר. איז אָנערקענט געוואָרען פאַר אַן אַקטועלען קולטור־פאַקטאָר אין אידישען אַרבייטער־לעבען.

אין אַלגעמיין האָט זיך דער אַ.־ר. אויך דאָס יאָר געלאָזט שטאַרק פיהלען מיט זיין רעליף־טעטיגקייט, וואָס האָט כמעט קיין גלייכען נישט צווישען אַלע אידישע אָרדענס, מיט זיין דרוק איבער דער דזשאָינט דיסטריביושאָן פאַר קאָנצעסיעס צו די אַרבייטער־פאָדערונגען פון אייראָפּא און, וואָס איז גאָר בולט אונטערשטראָכען געוואָרען אין דעם לעצטען פּאָליטישען קאַמפּיין, מיט זיין ברויזענדען אָטעם, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגען אין אַלע ערטער, וואו עס זיינען הרוב געוואָרען די סאָצ. פּאַרטייברענטשעס. די אַ.־ר. ברענטשעס האָבען דאָרט אַליין שטאַרק געטראָגען די סאָצ. פאָן און געזאַמעלט אַרום זיך דאָס בעסטע און באַוואוסטזיניגסטע אין דער אָרטיגער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט.

פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז נישט קיין נס אָדער אַ מופת, וואָס דער אַ.־ר. איז אויך דעם יאָר געווען אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס און האָט אָנגעהאַלטען זיין ערפאָלגרייכע אַנטוויקלונג טראָץ אַלע מכשולים. עס איז דער געזונטער איינגעוואָרצעלטער שטאַם, די זאַפטיגע צווייגען און בלעטער און די אַטמאָספערע, וואָס ער האָט פאַר זיך און אַרום זיך באַשאַפען, וואָס מאַכט אים שטורעם־פרוב, וואָס מאַכט אים ווידערשטאַנדס־פעהיג נעגען אַ ל ע שלעכטע רוחות און מזיקים.

# ביי דעם שיידוועג

פון א. ליטווין

(אביסל געדאנקען און שטימונגען צום סך הכל פונ'ם אידישן לעבן ביי'ם סוף יאר 1920.)

דער פארגאנגענער יאר 1920 קאן ניט פארצייכענען קיין סך וויכטיגע געשעהעניסן אין אידישן לעבן. פאקטן פון א היס־טארישער באדייטונג פאר דעם גאנצן פאלק איז כמעט ניטא קיין איינער ניט. דאס אידעש פאלק האט זיך געצאפלט אין קאנ־וואולסיעס פון די נאכוועהעניש, וואס די וועלט־מלחמה האט מיט זיך געבראכט פאר דער וועלט. עס שיינט, אז דער גאנצער ים פון פעלקער־ און מענשן־האס, פון סאדיסטישע בלוט־דורשטיג־קייט און האביזוכט, וואס עס האט זיך אנגעקליבן פאר טויזענדער יארן אין דער מענשן־חיה האט זיך א הויב־געטאן און אויסגע־גאסן אין אזא מבול פון בלוט און שאנד און רציחה, וואס די וועלט האט נאך אזוינס ניט געזעהן און ניט געהערט. און דראהענדיג צו פארשלינגען די ערד און מענשן האט זי איר גאנצע בעסטיאלישע וואוט אויסגעגאסן אויף דעם ארימען, שוצלאזן, אי־דעשן פאלק, דראהענדיג אין גאנצן אפצומעקן זיין נאמען פון דער ערד. פוילן, ליטע און אוקריינע זיינען געווען די הויפט־סצענעס פון דער גרויסער אינקוויזיציע פאר אידן, קעגן וועלכער די אמא־ליגע שפאנישע אינקוויזיציע איז אן אונשולדיגע קינדערשפיל.

ביי אזא צושטאנד פון דעם אידעשן לעבן, אויב מ'קאן עס אנרופן לעבן, איז ניט קיין וואונדער, וואס דאס פארגעהענדע יאר האט גאר נישט צופארצייכענען שאפנדיגס, אזוינס, וואס זאל קאנען אויפמונטערן, אריינבלאזן נייע האפנונגען אויף א בע־סערער צייט. אלע כחות אינ'ם אידעשן פאלק אויף די ערטער, וואס זיינען ווייט פונ'ם בלוטיגן פויליש־אוקריינישן פעלד, האט זיך געמוזט קאנצענטרירן נאר אויף איין זאך: קומען צוהילף די געפייניגטע ברידער אויף יענער זייט ים, ווי ווייט מעגליך לינדערן זייער שמערץ.

די אידן אין די איינוואנדערונגס־לענדער, איבערהויפט אין אמעריקא, איז אויסגעקומען צו שפילן די ראלע פון יוסף, וועל־כער איז פארוואגלט געווארן ווייט פון זיינע ברידער אין מצרים, כדי ער זאל שפעטער קאנען זיין זייער שפייזער אין א צייט פון הונגער און נויט. אונזער גאנצער לעבן דא, אין אמעריקא, האט זיך דאריבער אויך געמוזט קאנצענטרירן, דער עיקר, אין איין זאך: אין רעליעף ארבייט פאר זיי דארט, פאר אונזערע ברידער אויף יענער זייט. מיר זיינען געווען אין דער ראלע פון אזוי פיל בארימטן און אזוי ווייניג געלויבטן און געליבטן אמע־ריקאנער פעטער. און ווי די מעשה איז תמיד מיט פילאנטראפיע האבען מיר צוזאמען מיט די אייל, וואס מיר האבן געוואלט גיסן אויף די וואונדן פון אונזערע אונגליקליכע ברידער, געשאטן אויך ניט ווייניג זאלץ אויף דיזעלביגע וואונדן.

די ביסל פראספעריטי, וואס איז אויסגעפאלן אויף אונזער חלק פון די מלחמה־ארדערס, האבן ניט געקענט רייכער מאכן די שאצקאמער פון אונזער נאציאנאלער עקאנאמיע. דער עולם האט אין די זאטע יארן גוט פארדינט און האט זיך א נעם געז־טאן געשמאק... צו עסן. און איצט, בשעת די זאטע יאר האלטן ביי פארגעהן און די הונגעריגע יארן לויערן הינטער די פלייצעס, מאכן א טראגי־קאמישן איינדרוק די הונדערטער רייך־אויפגעפוצטע רעסטאראנען, וועלכע זיינען אויסגעוואקסן פאר'ן לעצטען יאר, ווי שוואמען נאך א רעגן, און ממש באדעקט אזוי אונזער קווארטאל, אז איר קוועטשט די פלייצעס און חדוש'ט זיך און ווייסט ניט, וואס האבן מיר מער איצט ביי אונז: צי עסער, צי רעסטאראנען...

די פראהיבישן, וואס האט געזיגט אין אונזער לאנד, האט, זעהט אויס, אויף אונזער עקאנאמיק ניט געווירקט צום שלעכטן. איז ניטא קיין טרינקער, זיינען דא עסער. און אלע סאלונס זיינען, ווי אויף דעם מאך פון א צויבער־שטעקעלע, פארוואנדעלט געווארן אין גרויסארטיגע לאנטש רומס און רעסטאראנטס און... מואווי־טעאטערס.

רעסטאראנס און מואווים... אין אט די צוויי סארטן ביז־נעס האבן מיר, שיינט עס, אריינגעלעגט אונזער גאנצע נאציא־נאל־עקאנאמישע וויטזיכטיגקייט, קלוגשאפט און ענערגיע... ווער עס האט נאר אפגעשפארט פון די פעטע יארן א פאר דאלער געהט אין רעסטאראן־ביזנעס. אז איר זעהט צוויי מענשן ריידן, קענט איר זיין זיכער, אז זיי ריידן וועגן רעסטאראן־ און מואווינג־פיקטשור־ביזנעס...

די סטריטן פון אונזער איסט סייד איז צום סוף פון דעם פארגעהענדיגען יאר געווארן ליכטיג, אזוי ליכטיג, ווי קיין מאל ניט פריהער. און די גרויסע שטראמען ליכט קוועלן און פליסן און ווינקען טאקע פון די זעלבע רעסטאראנס און מואווים... ס'איז בלויז א פראגע: אויף וויפיל אט פון די נייע הונדערטער און טויזענטער באצויבערנדע עלעקטרישע לאמפן איז געווארן ליכטיגער אין אונזערע מוחות...

מ'קאן ניט זאגען, אז די נייע פרעזידענט־עלעקשאנס פונ'ם סוף יאר האבן ליכטיגער געמאכט אין אונזער קווארטאל... נאך די ריזיגע אנשטרענגונגען, וואס מיר האבן אנגעווענט, איז אונז געראטן ווידער אריינצופירן מאיר לאנדאנ'ען אין קאנגרעס און נאך א פאר סאציאליסטן אין דער אסעמבלי. צי וועלן זיי דארט בלייבן? און אז זיי וועלן בלייבן, צי וועלן זיי קאנען עפעס אויפטאן — די איינציגע קליינינקע ליכטעלאך אין א ים פינסטערניש?...

מיט איין ווארט, סיי אין פאליטישן, סיי אין עקאנאמישן לעבן האט דער פאריגער יאר דא ביי אונז גאר נישט געהאט צו פארצייכענען.

א ליכטיגער פינטעל אויף דעם האריזאנט פון דעם אידעשן פאלק איז געווען, פאר א טייל ווענינסטענס פונ'ם פאלק, די פארווירקליכונג פון דער ציון־דעקלאראציע. אין אן אנדער צייט וואלט עס געווען א גרויסע שמחה. צוויי טויזנד יאר האט א פאלק געווארט, געטרוימט, געטרויערט, געהאפט און איצט איז דער טרוים געווארן א ווירקליכקייט. אמת, ניט אזוי ווי די טרוימער האבן זיך פארגעשטעלט. די באלעבאסטע איז נאך ענג־לאנד. ס'פאראן נאך גרויסע צרות מיט די אראבער. אבער אויב ניט די גאנצע גאולה, איז דאס דאס „אתחלתא דגאולה", דער אנהויב פון דער גאולה. די פארווירקליכונג פון דעם ציוניס־טישען טרוים הענגט איצט אפ פון דעם אידעשן פאלק אליין. וועט עס האבן גענוג דעם כח, דעם מוט, די אויסגעהאלטנקייט אויפצובויען זיין אלט־נייאלאנד. אז פאלעסטינא, אין בעסטן פאל, וועט ניט אריינגעמען דאס גאנצע פאלק און וועט ניט לייזן די גאנצע אידעשע פראגע, זיינען מודה די סאמע פארברענטע ציוניסטן. אז די מעגליכקייט פאר אידן צו באזעצן זיך אין זייער אלטער היסטארישער היים, צו לעבן דארט פריי און אומגע־שטערט, אפילו ווען א קליינער טייל פונ'ם אידעשן פאלק וועט געהן אהין, איז א וויכטיגער געווינס פאר דעם אידעשן פאלק, דאס קענען אפילו די געגנער ניט לייקענען. אין אנדערע צייטן וואלט די פארווירקליכונג פונ'ם ציוניסטישן אידעאל געוויס ארויסגערופן א שטורמדיגע באוועגונג אין פאלק. איצט אבער מערקט זיך א גלייכגילטיגקייט אין די ברייטע שיכטן פונ'ם פאלק. פון איין זייט האט אט די מתנה פון די אומות דעם אידעשן פאלק צופיל קרבנות געקאסט. די אידעשע נאציאן איז אפגעגאנגען מיט אזוי פיל בלוט אויף די פעלדער און גאסן פון פוילן און אוקריינע... פון דער אנדער זייט זיינען די פארדע־רונגען אנדערע געווארן, א סך גרעסערע, ווי די פון אונזערע טאטעס און זיידעס. מיר פאדערן איצט די גאנצע ערד זאל זיין פאר אונז פריי. די גאנצע ערד איז ביי אונז הייליג דורך די קרבנות אן א ציל, וואס מיר האבן אומעטום געגעבן אין קאמף צווישן ליכט און פינסטערניש. און מיר זיינען אומעטום געווען אויף דער זייט פון ליכט.

דאס ענדע יאר האט אונז קיין רוה ניט געגעבן. אונזערע פארגאסענע בלוט און טרערן זיינען נאך ניט אויסגעטריקנט. אויב מיר האבן א טרייסט, איז דאס דער: אז אונזער שיקזאל איז ענג פארבונדן מיט דעם שיקזאל פון דער וועלט. אונזער אמת'ע באפרייאונג וועט קומען מיט דער באפרייאונג פון אלע אונטערדריקטע קלאסן און נאציאנען. פאר סאוויעטן־רוסלאנד האט זיך דאס יאר געענדיגט מיט א גלענצענדן זיג איבער אלע אירע פיינד. און אין אט דעם זיג ליגט אונזער גרעסטע האפנונג. אין די אידעשע צייטונגען איז די לעצטע טעג געווען געדרוקט

א ידיעה, וואָס האָט ווייניג אויפמערקזאַמקייט אויף זיך געצויגן. די ידיעה איז, אַז די קאָמוניסטישע אידעשע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד האָבן באַשלאָסן אָנצו־ווענדן אַלע קרעפטן לייכטער צו מאַכן דעם איבערגאַנג פון די רוסישע אידן פון האַנדל און ווינט־פּרנסות צו פּראָדוקטיווער שאַפונג. ווי אַלעמען איז באַוואוסט איז רוסלאַנד דאָס איינציג לאַנד, וואו דאָס אידעשע פאָלק האָט אין גאַנצן אויפגעהערט צו ליידן, אלס אידן; האָט באַקומען זיין פולע באַפרייאונג, פולע מענשליכע רעכט גלייך מיט אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין לאַנד פון די סאָוויעטן. זיי ליידן אָבער מער פון אַלעמען צאָלנדיג צינז פאַר די פרוכט פון זייער טויזנט־יעריגע רעכטלאָזיגקייט. דער גלות האָט אָפּגעריסן דעם אידן פון דער ערד, פון פּראָדוקטיווער שאַפענדער ארבייט. האַנדל, ספּעקולאַציע, ווינט־פּרנסות — אַט דער יסוד פון דער אידעשער אויפגעצוואונגענער עקאָנאָמיק פאַר הונדערטער און הונדערטער יאָרן דערלעבט איצט זיינע לעצטע טעג אין רוסלאַנד. אין סאָוויעטן־רוסלאַנד איז מער ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אונזערע ביזאהעריגע פּרנסות. כדי דער איד זאָל זיך קאָנען באַנוצן מיט זיין רעכט אין רוסלאַנד, מוז ער מאַכן אַ רעוואָלוציע אין זיין אינערליכן לעבן, אין זיין באַדענקלאָזער עקאָנאָמיק. פון אַ האַנדלס־פאָלק מוז ער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שאַפענד פאָלק.

אַט די פּראָבלעם, וואָס איז היסטאָריש אַרויסגעוואַקסן פון אונזער גאַנצען לעבענס־פּראָצעס פאַר די לעצטע שרעקליכע יאָרן, איז איצט ביי'ן סוף פון דעם יאָר 1920, דעם שרעקליכסטן יאָר אין אונזער געשיכטע, אַוועקגעשטעלט אין איר גאַנצער שטרענגקייט. זי איז ביי אונז אַ פראַגע פון לעבן און טויט.

דער יאָר 1920 איז, אָן אַ שום ספק, דער אונגליקליכסטער יאָר פון אונזער אונגליקליכן גלות־לעבן. דער כוס פון בלוט און טרערן, מיט וועלכע ס'איז דורכגעווייקט יעדער בלאַט פון אונזער געשיכטע, איז היי־יאָר געווען איבערגעפילט און האָט זיך ווייט געגאָסן איבער די ברעגן. דערפאַר אָבער איז קיין מאָל ניט געווען אַזוי פיל האָפנונג פאַר אונזער באַפרייאונג, ווי אַט אין דעם יאָר. און אַט די גרויסע האָפנונג ליגט אין דער לייזונג פון אַט דער פּראָבלעם, אין דער גרויסער אינערליכער רעוואָלוציע פון אונזער עקאָנאָמיק. די דאָזיגע רעוואָלוצי! איז נייטיג, דאַרף און מוז קומען אומעטום, אין אַלע לענדער, וואו דאָס אידעשע פאָלק איז צעזייהט און צעשפּרייט. זי איז אָפּהענגיג פון צוויי זאַכן: פון אונזער אינערליכען באַוואוסטזיין אין דער וויכטיגקייט פון אַט דער רעוואָלוציע און פון דער באַזייטיגונג פון די אויסערליכע שטערונגען, וואָס שטעהען אין וועג פון איר לעזונג. אין סאָוויעט־רוסלאַנד און אין פּאַלעסטינא זיינען אַט די שטערונגען אָפּגעשאַפט. דאָרט איז אויך דער נויטיגער באַוואוסטזיין פאַראַן. און דאַריבער זיינען אַט די ביידע לענדער, ביי'ן שלוס פון דעם יאָר 1920, די איינציגע פונקטן פון וואַנען עס זעהט זיך פאַר אונז אַ שטראַהל פון ליכט און האָפנונג.

# דער וואָלף און דער פוקס

פון נחום י.

(נאָך קרילאָוו)

מיר שענקען יענעם אָפּט אוועק די זאַכען,
פון וואָס מיר קאָנען קיין געברויך פאַר זיך ניט מאַכען.
איך וועל דאָס אין אַ פאַבעל איצטער אייך דערקלערען,
ווייל אַ הוילען אמת הערען זיינען מיר ניט גערען.

---

אַ פוקס, וואָס האָט מיט היהנער־פלייש זיך אָנגעגעסען,
און האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט פאַרגעסען
אויף שפּעטער אויך אַ ביסעל פלייש צו לאָזען,
האָט ביי אַ קופּע היי, דאָרט צווישען גרינע גראָזען,
זיך אָפּרוהען געלעגט אין אָוונד־צייט.
ערשט מיט אַמאָל דערזעהט ער פון דער ווייט,
עס געהט צו איהם אַ וואָלף, דעם עק אַראָפּגעלאָזען...
— „ווען דו וואָלסט וויסען, ליעבער פריינד,
וואָס איך האָב זיך דאָס אויסגעשטאַנען היינט!“ —
האָט זיך דער וואָלף באַקלאָגען דאָ געגומען, —
„איך האָב קיין ביינדעל ערגעץ ניט געקאָנט באַקומען:
די הינט, די בייזע, בילען אָהן אַ סוף,
און אויך דעם פּאַסטוך נעמט גאָר ניט קיין שלאָף;
דער הונגער מאַטערט מיך אַזוי, אַז כ'ווייס ניט וואָס צו טאָן,
כאָטש נעם אַ מיתה טו זיך אָן!“...
— „אַזוי, מיין טייערער? אוי ווער! —
צי ווילסט דו אפשר נימ אַ ביסעל היי?
מיר האָבען אַט אַ גאַנצע קופּע דאָ, —
און איך בין גרייט צו יעדער שעה
אַ פריינד אַ גוטען צו באַדינען“...
נאָר ניט פון היי האָט אונזער וואָלף געטראַכט, —
ער האָט גאָר פליישיגס מעהר געהאַט אין זינען...
דאָך פון די היהנער האָט דער פוקס אַ שווייג געמאַכט.
איז נעבאַך אונזער וואָלף אַוועק,
אַראָפּגעלאָזטערהייט דעם עק,
אַ הונגעריגער, — ווי ער איז געקומען.

# מיין טורעם

פון אַרטור עסעלין

אויפגעבויט האָב איך אַ טורעם,
אַזאַ ריזיגען, אַ הויכען:
לאַנגע, ווייסע מאַרמאָר־זיילען —
קען מיין האַנט דעם הימעל גרייכען.

בלאַנקט דאָס גאָלד און רויט דער קופּער
אויף די אַרטשעס און קאַרניזען:
מעשי ידי להתפּאר —
כ'האָב מיין גרעסטע ווערק באַוויזען.

נאָר פאַרגעסען ביים פונדאַמענט
שווערע שטיינער אָנצולאָדען,
שפּעט געכאַפּט זיך, נו פאַרפאַלען —
שטעהט מיין בנין אָהן אַ באָדען.

וואַרט איך אויף דעם גרויסען שטורעם,
אויף די קלעפּ פון דונער־קנאַלען.
— בראַוואָ! — בראַוואָ! — זאָלט איהר שרייען,
ווען מיין טורעם וועט צעפאַלען!...

# קינדער־ליטעראַטור

פון ש. ניגער

ח.

## מאַני לייב׳ס „באַלאַדען“

דאָס גאַנץ בוך „באַלאַדען“ מאַני לייב׳ס („אינזעל“, ניו־יאָרק, 1918) איז אַ בוך פאַר גרעסערע קינדער (אַ חוץ די לעצטע זאַך: „אויף דער עוועניו בי“). איינע פון די „באַלאַדען“ — „אינגעל צינגעל כוואַט“ — איז שוין ארויסגעגעבען געוואָרען עטליכע מאָל באַזונדער און איז געוואָרען די באַליבסטע און פּאָפּולערסטע זאַך אין דער אידישער קינדער־ליטעראַטור.

שוין דער נאָמען אַליין איז געלונגען: אינגעל צינגעל כוואַט — אַז קינדער דערהערען עס, וואַרטען זיי אויף עפּיס לעבעדיגס, פרישס, מונטערס. און זיי נאַרען זיך נישט אָפּ. עס קומט עפּיס אַזוינס, וואָס איז טאַקע לעבעדיג, פריש און מונטער — און ניט וואָכעדיג:

ערגיץ ווייט, ווייט, ווייט פון דאַנען,
צוצוקומען ניט מיט באַנען,
ניט מיט שיפען, ניט מיט פערד —
ערגיץ אויף אַ ווייטער ערד —

מען וואַרט אויף עפּיס אַזוינס, וואָס קאָן ניט געשעהען דאָ ארום אונז, נאָר ערגיץ ווייט, ווייט, ווייט. אָבער דאָרט, אויף דער ווייטער ערד, איז עס אַ נאַטירליכע זאַך. און מען איז ניט אַנטוישט, ווען עס ווערען אין אָנהויב דערציילט זאַכען, וואָס זיינען גאָר ניט וואונדערליך. מען האָט אייגענטליך געוואַרט אויף בילדער פון רעאַלען לעבען, נאָר פון אַן אַנדער סאָרט לעבען, ניט דעם, וואָס איז ארום אונז.

גויים קומען זיך צופאָרען,
פירען פולע שליטענס קאָרען,
גענז און האָלץ, און שטרוי, און היי,
אַנגעלאַדען אָט אַזוי.

אידען שמייען אום און לויפען,
דינגען, קויפען און פאַרקויפען.
יעדען אידענס פּנים שיינט:
ס׳אַרע מאַרק אַביסעל היינט!

און אַזוי ווייזען זיך נאָכאַנאַנד בילדער פון אַן איינפאַכען, רעאַלען, אָבער ווייטען לעבען, מיר געוואוינען זיך צו אי צו דער איינפאַכקייט, אי צו דער ווייטקייט, און מיר באַמערקען גאָר אַליין ניט, ווי דאָס איינפאַכע ווערט ביסלעכווייז וואונדערליך און דאָס רעאַלע — פאַנטאַסטיש... אינגעל צינגעל כוואַט געהט ווינטער אין אָווענד פון חדר, ער געהט אָן אַ לאַמטערן, ער האָט קיין מורא ניט צו געהן אין דער פינסטער, געהט ער און פאַלט איין אין דער שטעטילדיגער בלאָטע (גראָד איז ניט געוועזען קיין פראָסט) — „וואַרפט זיך, דרעהט זיך, ציהט זיך אויס — קאָן פון בלאָטע ניט ארויס“. ביז ער ווערט, אַ מידער, אַנטשלאָפען. ביינאַכט ווערט אַ פראָסט, אַ זאַווערוכע, און דעם אינגעל, וועלכער ווערט שלאָפענדיג פאַרפראָרען, חלומ׳ט זיך אַ פריץ מיט אַ פערד, מיט אַ כשוף־רינגעלע. דער פריץ פאַרשווינדט, און דאָס אינגעל כשופ׳ט מיט׳ן רינגעל, טוט אים זיבען מאָל אַ דריי, ווערט אַ שניי, און דאָס פערד? אויפ׳ן פערד —

פליהט מען גיכער, פריי און זיכער,
ווי דער ווילדער ווינט און וויכער,
טאָל און באַרג, און וואַלד און פעלד
אין דער ברייטער, ווייטער וועלט...

און שטעטילשע אינגלעך גלויבען, אַז יעדעס מאָל, ווען עס קומט אַ ווינטער מיט אַ רעגען און בלאָטע, און ס׳איז ניטאָ קיין שניי, „ווייזט זיך צינגעל פייל פון בויגען — פון דער נאַכט ארויסגעפלויגען“ —

טפרו! דער פערד בלייבט שטעהן, און צינגעל
טוט אַ נעם דעם כשוף־רינגעל
טוט אים זיבען מאָל אַ דריי,
און עס פאַלט ארויס אַ שניי!

צינגעל איז ניט געשטאָרבען, נאָר „ער טראָגט זיך גיכער, זיכער, ווי דער ווילדער ווינט און וויכער“ — און אין דעם עצם ריטם פון ליד הערט זיך „דער ווילדער ווינט און וויכער“.

עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס דער ריטם איז דורכאויס איינער און דער זעלביגער; עס וואָלט געווען בעסער, ווען ער וואָלט זיך בייטען — זיין אין אָנהויב שטילער, כדי צו ווערען וואָס ווייטער, אַלץ ווילדער, וויכערדיגער. אָבער דער דיכטער איז, ווי עס ווייזט, געווען פון אָנהויב אָן פאַרכאַפּט פון דער אימפּעטיגער געשטאַלט פון זיין „אינגעל צינגעל כוואַט“ — און די אימפּעטיגקייט פאַרכאַפּט אויך דעם יונגען לעזער.

די אימפּעטיגקייט — און דער מוט. ווארום נישט געקוקט אויף דעם גאַנץ אומבאַשטימטען סוף פון אינגעל צינגעל כוואַט, שטאַרקט ער דאָך אונזער געמיט און גיט איס צו מונטערקייט.

אינגעל צינגעל כוואַט פאַרשווינדט ניט אָהן אַ שפּור פון לעבען, ער פאַרשווינדט איבערהויפּט ניט, ער בלייבט לעבען אומגעזעהענערהייט, ער ווערט דער האַר פון ווינט און וויכער... און דאָס איז איינע פון די גרויסע מעלות, וואָס מיט זיי צייכענט זיך אויס די פּאָעמע „אינגעל צינגעל כוואַט“. זי שלאָגט אונז ניט אָפּ די פליגלען, נאָר — פאַרקערט. צווישען די איבעריגע, דערהויפּט די גרעסערע, פּאָעמעס אין בוך זיינען דאָ אַזוינע, וואָס זיינען אָנגעזעטיגט מיט געדריקטקייט און טרויעריגקייט. („בלימעלעך און קרענצעלעך“, „גזלנים“). און דאָס איז, קאָן זיין, די סבה, וואָס זיי זיינען ניט באַליבט געוואָרען ביי די קינדער. קינדער, אויב זיי זיינען נאָר געזונט, האָבען נישט ליב קיין מרה שחורה׳דיגע זאַכען. און דאָס איז זעהר נאַטירליך. דאָס קינד ציהט זיך מיט אַלע זיינע חושים צו פרייד, צו קראַפט, צו מונטערקייט; עס וויל נישט וויסען פון טרויער און שוואַכקייט און אומגליק. קינדער־מעשיות, ווי פאָלקס־מעשיות, האָבען כמעט שטענדיג אַ גוטען אויסלאָז. דאָס האָבען זיי, די קינדער און דאָס פאָלק, געשעפּען דעם כלל, וואָס זאָגט: „ענדע גוט — אַלעס גוט“.

אגב, איז די ענדע אין צוויי פון די דערמאָנטע פּאָעמעס נישט גוט אויך צוליב דעם, וואָס עס איז לאַנג. די מעשה מיט דעם פערד, וואָס האָט זיך געלאָזט לויפען אַהיים מיט זיין בעל־הבית, דעם פריץ, אויף וועלכען גזלנים זיינען אָנגעפאַלען, ענדיגט זיך פּאַקטיש מיט די שורות:

ס׳איז שוין די מעשה געווען אויפ׳ן דריטען מעת־לעת,
ס׳איז שוין אין צעבראָכענעם שליטען געלעגען דער פריץ—אַ מת.

דאָס איז דער העכסטער פּונקט פון דער פּאַסירונג, און די אַלע ווייטערדיגע פּרטים אינאיינעם מיט די „פּערל“ — „זיין ווייב אַ מתנה“ — וואָס מען האָט געפונען אין דעם טאַטענס פאַרגליווערטער האַנט — שוואַכען אָפּ דעם אַלגעמיינעם איינדרוק און מאַכען אים מטושטש׳דיג. דאָס איינענע איז אין דער מעשה מיט׳ן אידען, וואָס ווערט חלומ׳ענדיג דערפרוירען אין מיטען וועג. זי לאָזט זיך אויס ביי די שורות:

אוי, ניט געווינט האָבען זיין ווייב און זיין ליבליכעס קינד,
נאָר איבער אים אויפ׳ן פעלד האָט געוואָיעט דער ווינט.

און מען האָט נישט געדאַרפט האָבען מער קיין פּרטים.

אויך האָט מען געדאַרפט אויסמיידען אַזוינע ווערטער, ווי „ביזקעל“, אָדער „שעפּטשיזנען“, און אַזוינע אויסדרוקען ווי „ראַפּטאָם אויף די באָם אשטעל“. נאָר ביי די פעלערן זיינען עס דאָך גוטע לידער — גוט פאַר גרויס און קליין. נאָך בעסער — און נאָך קינדערשער — זיינען די איבעריגע, ניט טרויעריגע, לידער און פּאָעמעס פון בוך „באַלאַדען“, דערהויפּט: „דער שלאָף“, „פאַר די הינטלעך און די רינגען“ און „איי־ליו־ליו, איי־ליו־ליו“... עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס אין אַ פּאָר לידער האָבען זיך אַריינגעגנב׳עט נישט קיין קינדערשע אָדער ניט קיין אידישע אויסדרוקען: „געהט אַ שטורעם קומען“ — איז פון ענגליש (אָדער ענגלישען אידיש); „און זי (די מאַמע), אַ שטילע, ווי דער טויט“ — איז, גלויב איך, ניט פאַר קינדער.

# די פרויען־באוועגונג אין 1920

פון דר. אסתר לוריע

באטראכטענדיג די פרויען־באוועגונג פאר דעם פארגאנגענעם יאר, קומט אויס צו באמערקען דאס פאלגענדע: אויפ'ן פאליטישען געביט פארגרעסערט זיך די טעריטאריע, וואו די פרוי קריגט א דעה אין דער פאליטיק, אדער ריכטיגער געזאגט, די מעגליכקייט צו שיקען דעלעגאטען אין די פארשידענע קערפערשאפטען; עקאנאמיש פארשפרייט די פרוי איהר טעטיגקייט אין דער אינדוסטריע, געווינענדיג דא און דארטען א פעלד, וואס איז, הוכט זיך, ביז אהער געווען פאר איהר פארשפארט. מיט איין ווארט — קיין איבערקערענישען זעהען מיר ניט, מיר באמערקען בלויז געווינסען אויף דעם אדער יענעם געביט. בלויז אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען פארגעקומען ענדערונגען, זעהר גרויסע ענדערונגען, וואס האבען אויך געבראכט דער פרוי שטימרעכט אין לענדער, אין וועלכע מען האט נאר מיט א קורצער צייט צוריק ניט געקענט טרוימען וועגען דעם. אבער קיין ראדיקאלע ענדערונגען זיינען ניט פארגעקומען. אזעלכע פאסירען נאר בלויז אין א רעוואלוציאנערער עפאכע. און דאס איז טאקע דער פאל אין דער באלשעוויסטישער רוסלאנד. אויב מיר האבען זיך פאר־א־יארען און פאר צוויי יארען ניט אפגעשטעלט אויף דעם, איז דאס בלויז געווען צוליב דעם מאנגעל אין מאטעריאל. אמת, נאך איצט זיינען די אויסקונפטען קארג; אבער א באגריף פון דער פרויען־באוועגונג אין רוסלאנד קענען מיר באקומען. עס קען אויך ניט זיין מיין אויפגאבע אויספירליך אפצושטעלען זיך אויף די דאזיגע פאסירונגען, ווייל דאס וואלט מיך דערווייטערט פון מיין טעמע.

„עס איז א פאקט, אז אין פארלויף פון די לעצטע 10 יאר האט ניט עקזיסטירט קיין איינצעלנע דעמאקראטישע פארטיי אויף דער וועלט און אויך ניט קיין איינצעלנע פערזאן צווישען די פירער פון די בורזשואזע רעפובליקען, וועלכע זאל אויפטאן פאר דער עמאנסיפאציע פון דער פרוי א הונדערט־חלק פון דעם, וואס ס'איז פארווירקליכט געווארען אין רוסלאנד אין פארלויף פון איין יאר“. אזוי האט זיך אויסגעדריקט ל ע נ י ן. דער דאזיגער פאקט איז מעגליך אין רוסלאנד צוליב צוויי אורזאכען: גלייכבארעכטיגונג פון דער פרוי אין רוסלאנד, הייסט צולאזען זי צו אלע געביטען פון פאליטישען און אינדוסטריעלען לעבען, וואס איז ניט נאר ניט דער פאל אין די בורזשואזע רעפובליקען, נאר אויך אין דער „סאציאליסטישער“ דייטשלאנד.

אזוי ווערט דארט אין מאי 1920 ארויסגעגעבען פאלגענדער געזעץ: א מיטגליד פון קויפמאנ'ס געריכט קען זיין יעדער איינער, חוץ 1) פרויען, 2) אויסלענדער, 3) קרימינעלע פארברעכער א. א. וו.

ביי א רוסישען שרייבער, ווערעסאיעוו, איז דא אן ערצעלונג מיט פאלגענדען אינהאלט: א מעדיקער באזוכט זיינעם אן אלטען פריינד, וועלכען ער האט ניט געזעהן פיל יארען. ער האט אויך געקענט זיין פרוי, וועלכע האט אמאל שטודירט מעדיצין אין פעטערסבורג און האט געטרוימט וועגען איר ארבייט צווישען די פויערים. ער געפינט אבער די אמאליגע סטודענטקע פארטאן אין ווירטשאפט, פארנומען מיט די קינדער, פאר וועלכע עס געפינט זיך ניט קיין קינדערגארטען אין דארף, און די פרוי איז זעהר אומגליקליך, וואס זי האט ניט די מעגליכקייט אפצוגעבען זיך מיט דער מעדיצינישער טעטיגקייט. אין דער דאזיגער קליינער ערצעלונג האט דער פארפאסער געשילדערט אן אנגעווייטאגטע פראגע, בארירט א וויכטיגען פראבלעם. די פרויען־רעכטען קענען ניט דורכגעפירט ווערען, ווי ליבעראל זיי זאלען ניט זיין, ביז פון דער פרוי ווערט ניט אוועקגענומען דער יאך פון איר ארבייט אין הויז. און רוסלאנד איז דאס איינציגע לאנד, וואו דאס ווערט פאקטיש דורכגעפירט. אמת, אויף דעם געביט האט מען נאך ניט אלעם נויטיגע אויפגעטאן צוליב דער מלחמה, בלאקאדע א. א. וו. דער הויפט־פונדאמענט איז שוין אבער אוועקגעלייגט געווארען. די פרוי דארף ניט אוועקגעהן אין פאבריק, אדער ביורא, איבערלאזענדיג די קינדער אליין אין הויז; זי האט גענוג אנשטאלטען, וועלכע זארגען פאר זיי אויפ'ן בעסטען אופן. זי דארף אויך ניט קאכען; רוסלאנד איז איצט פארפלאנצט מיט סאוויעטסקע קיכען. עס בלייבט נאך פאר דער פרוי א טייל פון הויז־ארבייט, וועלכע וועט אויך פארשווינדען אין נארמאלע צייטען.

וועגען דעם, ווי די גלייכבארעכטיגונג פון דער פרוי ווערט אין רוסלאנד פארווירקליכט אין לעבען, וועל איך ברענגען א פאר פאקטען, וועלכע רעדען אליין פאר זיך:

דער „דיילי העראלד“ פון 25טען פעברואר מעלדעט, אז אין מאסקווער סאוויעט זיינען ערוועלט געווארען 78 ארבייטערינס.

אט געפינען מיר אויף א צוזאמענפאר פון קאזאקען אין מאסקווע א סך פרויען־דעלעגאטען. א באריכט דערצעלט אונז: „זיי האבען זיך ניט אפגעשטעלט פאר דער לאנגער רייזע קיין מאסקווע. זיי געפינען זיך צווישען פרעמדע, וועלכע זיי האבען דערזעהן דעם ערשטען מאל, און זיי דריקען אויס זייערע מיינונגען, נעמען אן אנטייל אין די דיסקוסיעס, פארפאסען רעזאלוציעס; זיי פיהלען זיך, אז זיי וואלטען זיך געפונען צווישען ברידער און שוועסטער און דיסקוסירען די וויכטיגע לעבענס־פראגען פון דער גרויסער רוסלאנד.“

אלעקסאנדרא קאלאנטאי, דער קאמיסאר פאר די געזעלשאפטליכע אנגעלעגענהייטען, גיט אונז איבער פאלגענדען באריכט:

„דעלעגאטען פון פרויען־ארבייטער און פויערים זיינען צוטיילט אין גרופען אין מאנכע פון די סאוויעט־באצירקען. זיי זיינען אקטיוו אין גרינדונגס־ און אויספארשונגס־ארבייט פון קינדער־אנשטאלטען, היימען, קינדערגארטענס און עלעמענטארע שולען, אין אויפפאסען אויף געזעלשאפטליכע קיכען, אין אויפפאסען אויף ריכטיגע צוטיילונג פון קליידער און שיך אין די שולען, אין צוזאמענקלייבען אינפארמאציעס, אין דער ארבייט פון אינספעקטארען, אין דורכפירונג די רעגולאציעס פון פרויען און קינדער ארבייט.“

די „סאפרעדזש באוועגונג האט אויך אין דעם פארגאנגענעם יאר געמאכט גרויסע פארטשריטען: ניט נאר האבען די פרויען דא און דארטען געקריגען דאס רעכט צו שטימען, נאר זיי האבען אויך אין פיל לענדער געשיקט זייערע פארשטעהער אין פארלאמענטען און אנדערע קערפערשאפטען. אין דעם פרט האבען אבער די פרויען דערגרייכט פיל מער אין יענע לענדער, וואו די סאציאליסטען האבען די מאכט, אדער וואו זיי זיינען שטארק. און דא קומט אויפ'ן ערשטען פלאץ דייטשלאנד. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס איר סאציאליסטישע רעגירונג איז אזוי מעסיג, דאך האבען מיר אין נאציאנאלען פארלאמענט 39 פרויען, אין די פארלאמענטען פון די פעדעראטיווע שטאטען 155, און 7,000 אין לאקאלע קערפערשאפטען.

אין האלאנד געפינען זיך 63 פרויען־דעלעגאטען פון 1371 אין מיוניסיפאל און קאונטרי קאונסילס. דאס האט פאסירט א דאנק דער ארבייט פון די סאציאליסטישע פרויען־קלובען.

אין אמעריקא האט די פרוי ענדליך געקריגען דאס שטימרעכט אין גאנצען לאנד, און האט גענומען אן אנטייל אין די פעזידענטען־וואהלען. אט די וואהלען האבען געצייגט, אז די בורזשואזע אמעריקאנער פרוי, אזוי גוט ווי דער מאן, פארטיידיגט די אינטערעסען פון זיין קלאס, און אז די ארבייטער־פרוי, אזוי גוט ווי דער מאן, איז נאך ניט גענוג קלאסען־באוואוסטזיניג. דאס אלץ האט מען געקענט ערווארטען.

די בורזשואזע פרויען־פארטייען האבען זיך וועניג געענדערט פאר דעם יאר. אמת, דעם זומער איז פארגעקומען דער צוזאמענפאר פון דער אינטערנאציאנאלער פרויען סאפרעדזש אליאנץ. אויסערליך איז דאס געווען אן אויסערגעוועהנליכע פאסירונג. רעגירונגען האבען אהערגעשיקט זייערע פארטרעטער, 31 נאציאנען האבען געהאט דא דעלעגאטען; דער קאנגרעס איז פארגעקומען אין א צייט, ווען די פרוי האט צוליב דער מלחמה עראבערט אזוי פיל פאליטישע און עקאנאמישע רעכטען. און פון דעסטוועגען האט דער קאנגרעס געטראגען דעם זעלבען כאראקטער, וואס אין אמאליגע צייטען — די פאסיוויטעט, אומבאהאלפענקייט, אומבאשטימטהייט. אין דער פראגע פון פרידען האט דער קאנגרעס ניט געפונען קיין בעסערע רפואה, ווי צו שיקען א רעזאלוציע צו דער זעלבער נאציאנען־ליג, וועלכע איז אזוי פעהיג צו „ברענגען פרידען“ אויף דער וועלט.

וועגען עקאנאמישען קריזיס האט דער קאנגרעס אויך געפונען א ווירקזאמען מיטעל — אויפצופאדערן די פרויען־ארגאניזאציעס צו ארבייטען אויף דעם געביט. קיינע דירעקטיווען

# די סאציאליסטישע פארטיי אין אמעריקא

פון ליליפוט

(יערליכער איבערזיכט)

א שווער, א ביטער יאר האט די סאציאליסטישע פארטיי נאר וואס פארענדיגט. ער האט זיך אנגעהויבען מיט אנטוי־שונגען, האט זיך געשלעפט אין וועהטאגען און מאטערנישען און האט זיך געענדיגט מיט א י ן גרויסער אנטוישונג נאך די לעצטע עלעקשאנס.

די רעאקציע פון נאך דער מלחמה האט זיך לעצטען יאר נאך שטארקער פאנאנדערגעבליהט; וועגען קריזיס האט נאך דער עולם ניט געטראכט, און אבוואויל דער יקרות איז געווען גאנץ שטארק, האט דער עולם דאך געהאט גענוג געלד און האט זיך וועגען אנקומענדען קריזיס ניט געקימערט.

און ווען מענשען זיינען זאט אינטערעסירען זיי זיך וויניג מיט פארטייען און ארגאניזאציעס, מיט פרינציפען און קאמפען. די רעגירונג אין וואשינגטאן האט עס גוט געוואוסט און האט די לייצעס פון דער רעאקציע נאך שטארקער אנגעצויגען. און אין אזעלכע צייטען קאנען זיך קיין ראדיקאלע פארטייען ניט פא־נאנדערבליהען.

די פארטיי ווידער, פון איר זייט, איז געווען אפגעשוואכט פון אירע לאנגע אינערליכע קאמפען און שפאלטונגען און פון די רעפרעסיעס פון דער רעגירונג. אין פיל סטייטס איז די פארטיי שטארק פארקלענערט געווארען, אין מאנכע איז זי זאגאר אין גאנצען פארשוואונדען, און דארטען, וואו זי האט עקזיסטירט, האט זיך איר ארבייט אויך ניט געקלעפט און איז ניט געגאנגען אויף א „לאר“.

אבוואויל די פארטיי האט ביי איר קאנווענשאן אין שיקאגא געהאט באשלאסען זיך אנצושליסען אן דעם דריטען אינטערנא־ציאנאל און דער רעפערענדום האט עס באשטעטיגט, איז דאך די פראגע פון צווייטען און דריטען אינטערנאציאנאל, און שפעטער פון פיערטען אינטערנאציאנאל, ניט ארונטערגעגאנגען פון טאג־געס־ארדנונג און אין די לאקאלס און ברענטשעס זיינען פארגע־קומען רייסערייען און קריגערייען אי וועגען דעם, אי וועגען אנ־דערע אישום און פראגען, וועלכע האבען די פון „ספליט“ איבער־געבליבענע לאקאלע מעמבערס ווידער צוטיילט אין צוויי טיילען — ראדיקאל־סאציאליסטישע און רעפארמיסטישע.

און דער גרעסטער אומגליק איז געווען, וואס די פארטיי־פירער, די „פארטיי־טשינאווניקעס“, זיינען אלע געווען פון רעכ־טען פליגעל און די פארטיי־אפיסעס זיינען מייסטענס געווען אין די הענט פון די רעפארמערס, וועלכע האבען ניט פאר־שטאנען און ניט געוואלט פארשטעהן דעם גייסט פון דער צייט.

און אזוי ארום איז די פארטיי ביסלעכווייז אויסגעצערט געווארען פון דעם גייסטיגען קאנסאמפשאן און האט געהאלטען אין איין גוסס'ן. עס איז רעכט געווען, אז עס זיינען געווען לאקאלס, וועלכע זיינען באשטאנען בלויז פון די בעאמטע אליין און אמאל זיינען אפילו קיין בעאמטע אויך ניט געווען און עס איז געבליבען בלויז דער שילד און דער זיגעל פון דער ארגא־ניזאציע.

די רעאקציע האט דא, פארשטערט זיך, געשפילט א גרויסע ראלע. אין פיל שטעט און סטייטס האט מען ניט געלאזען אפ־האלטען קיין פארטיי־מיטינגען, מען האט ניט ארייננעלאזען קיין רעדנער, מען האט ניט געלאזען פארשפרייטען קיין ליטע־ראטור און אזוי ארום האט מען פאראורטיילט די פארטיי צו א זיכערען טויט.

די איינציגע וויפיל ניט איז לעבעדיגע ארגאניזאציעס אין דער פארטיי זיינען געווען די פרעמד־שפראכיגע פעדעראציאנס־ברענטשעס, די פינישע, בעהמישע און אידישע פעדעראציעס זיינען געווען כמעט די איינציגע לעבעדיגע און טעטיגע ארגא־ניזאציעס אין דער פארטיי.

אמת, אאז צושטאנד איז זעהר ניט קיין געזונטער. אמת, א פארטיי, וועמענס מאיאריטעט באשטעהט כמעט פון אויס־לענדער און וועמענס טעטיגקייט איז הויפטזעכליך אין די הענט פון אויסלענדער, איז ניט קיין אמעריקאנער פארטיי. אבער מען קען זיך ניט העלפען. אזוי איז געווען די לאגע פון דער פארטיי אין אנפאנג פון לעצטען יאר. און אזוי איז עס היינט, ווען דער יאר האלט זיך אין ענדיגען.

די רעאקציע, וועלכע האט די פינסטערניש נאך פינסטערער געמאכט, האט א שטיק צייט אנפאנג יאר א ביסעל איבערגע־כאפט די מאס, און דאס האט די סאציאליסטען פאר א שטיק צייט געמאכט פאפולער. מיר מיינען דא די אויסשליסונג פון די פינף סאציאליסטישע אסעמבלילייט פון דער אלבאני לע־דזשיסלייטשור.

סאי די אויסשליסונג פון די סאציאליסטען, סאי זייער טרייעל האבען אויפגערודערט גאנץ אמעריקא. איבעראל האט מען גערעדט און געשריבען וועגען דער סאציאליסטישער פאר־טיי, איבעראל האט מען געזידעלט און פארדאמט סוויט'ן און די רעפובליקאנער פאליטישענס, און איבעראל האט מען געזאגט א גוט ווארט פאר דער סאציאליסטישער באוועגונג.

אבער, ווי געוועהנליך, אין אמעריקא ווערט אלץ שנעל פאר־געסען און אזוי גיך ווי דער טרייעל איז אריבער האט זיך דער שטורעם איינגעשטילט. אמת, ער האט ווידער אויפגעלעבט, ווען די ספעשעל עלעקשאן פון די פינף אויסגעשלאסענע אסעמבלי־לייט איז פארגעקומען, און פילע ציימונגען, וועלכע זיינען שטענדיג געגען סאציאליזם, האבען אויסגעדריקט זייער צופרי־דענהייט, וואס די פינף אויסגעשלאסענע סאציאליסטען זיינען ווידערערוועהלט געווארען.

אבער די דאזיגע שטימונג האט זיך שנעל געענדערט, ווען די רעגעלע וואהלען זיינען אנגעקומען. די פארטיי האט צוליב איר שוואכקייט די סענסאציע פון אלבאני ניט געקענט אויסנוצען און האט דורכגעלאזען א טייערע געלעגענהייט צו שלאגען קא־פיטאל, ווען זי האט געהאט מעגליכקייטען עס צו טאן, און גע־לעגענהייטען מאכען זיך ניט אלע ווייל.

אין דער פארבארייטונג פאר די רעגעלע עלעקשאנס אין דעם פרעזידענט קאמפיין איז די פארטיי אריין ניט קיין צוגע־גרייטע, כמעט אהן לאקאלס, כמעט אהן מיטגלידער, אהן געלד און זיכער אהן קאמפיין טוערס, און דאס ערגסטע — אהן אישום. און, פארשטעהט זיך, מיט ליידיגע הענט און ווען די הענט זיינען נאך אויך ניטא קען מען קיין קאמפיינס ניט פירען.

די פארטיי־מאשין האט שלעכט אויסגעפאסט דעם מאָ־מענט, האט גערעכענט, אז דער סענטימענט אין לאנד איז פאר'ן סאציאליזם, און האבענדיג אזא ערליכע און ליכטיגע פיגור אלס באנער־טרעגער, ווי געגאסע יודזשין וו. דעבס, וועלכער שמאכטעט אין פריזאן, האט זי זיכער גערעכנט, אז זי וועט ציהען א ריזיגע צאל שטימען אהן א פארטיי, אהן לאקאלס און אהן מיטגלידער. און... דער רעזולטאט פון די וואהלען איז געווען די גרעסטע אנטוישונג און האט די אלגעמיין־שלעכטע שטימונג נאך ערגער געמאכט.

די בירגער און בירגערינס פון אמעריקא זיינען געווען אין כעס אויף ווילסאנ'ען, און וועלענדיג זיך אפרעכענען מיט אים,

---

ניט דער קאנגרעס ניט, אויף די אורזאכען פון קריזיס שטעלט ער זיך ניט אפ.

די מלחמה האט פארגרעסערט די צאל פון פרויען, וואס זיינען באשעפטיגט אין דער אינדוסטריע, ניט קוקענדיג וואס אין פיל פאלען האבען זיי געדארפט אפטרעטען זייער פלאץ צו די זעלנער, וואס זיינען צוריקגעקומען פון פראנט. אזוי ארביטען איצט אין ענגלאנד א מיליאן מעהר פרויען, ווי פאר דער מלחמה.

אין ניו־יארק האט מען פאר דעם לעצטען יאר באזוכט 250 פאבריקען, וואס נעמען ארום 16 אינדוסטריען. מ'האט אויסגע־פונען אז:

1) אין 219 פון די 250 פאבריקען זיינען די פרויען די טעכנישע ארבייטער.

2) זיי פארנעמען אין דער פראדוקציע פאראנטווארטליכע שטעלעס.

3) פרויען זיינען ערפאלגרייך אין טעכנישער און ספעציע־לער ארבייט.

האָבען זיי געשטימט פאַר די רעפּובליקאַנער, פאַר האַרדינג'ן און זיינע משרתים, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ניט נאָר האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ניט געוואונען פון ווילסאָנ'ס מפּלה, זאָנדערן זי האָט פאַקטיש פאַרלאָרען. אנשטאַט די ערוואַרטעטע צוויי מיליאָן, און זאָגאַר דריי מיליאָן שטימען, האָט זי געקראָגען אין גאַנצען 910 טויזענד 477 שטימען אין 43 סטייטס, און ווען מען זאָל צורעכענען די איבעריגע סטייטס, וועט מען העכסטענס קענען צונויפצעהלען 920 טויזענד שטימען.

אָבער ניט נאָר ביי די ברייטע מאַסען האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאַרלאָרען, זאָנדערן אויך ביי די סאָציאַליסטישע עלעמענטען גופא. די פּאַרטיי קאָנווענשאָן אין מאַי, אין ניו־יאָרק, האָט אַ דאַנק די רעזאָלוציעס און רעזערוויישאָנס נאָך ווייטער אָפּגעשטויסען די ראַדיקאַלע עלעמענטען פון דער פּאַרטיי און, ווי קליין זי איז נים געווען, איז זי נאָך קלענער געוואָרען.

אַזוי ווייט וועגען דער אַלגעמיינער לאַגע פון דער פּאַרטיי. איר אידישע אָפּטיילונג, די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, האָט אויך געליטען צוליב דעם אַלגעמיינעם קריזיס אין דער פּאַרטיי. זי האָט אויך פאַרלאָרען אַ סך מיטגלידער. מאַנכע ברענטשעס זיינען אויך צוליב'ן ספּליט חרוב געוואָרען. אָבער דאָך האָט זיך דער גרויסער חורבן ניט געפיהלט אַזוי שטאַרק אין דער פעדעראַציע, ווי אין דער פּאַרטיי, און סאַי אין אידעאַל, סאַי אין דער צאָל מיטגלידער איז די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע נאָך אַלץ אַ שטאַרקע און אַ פונדאַמענטאַל־זיכערע אָרגאַניזאַציע.

די קאָנווענשאָן פון דער אידישער פעדעראַציע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דזשולאַי. ביי דער קאָנווענשאָן האָבען זיך נאָך געפיהלט די נאָכוועהעניש פון דער שפּאַלטונג, אָבער זי האָט דאָך אויפגעטאָן אַ סך אַרבייט, און האָט פאַרפעסטיגט די רייהען און פאַרשטאַרקט די אָרגאַניזאַציע.

און אויב עס שטעהט איציגער אויף דער וואַך אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און היט אָפּ די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, איז עס די איד. סאָציאַליסטישע פעדעראַציע. אין מאַנכע שטעט איז זי פאַקטיש געבליבען די איינציגע אויסדריקערין פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק און די איינציגע פאַרטרעטערין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אויב עס איז ניט אַזוי פרעהליך, איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז אין לעצטען קאַמפּיין האָבען די אידישע גענאָסען געטאָן זייער בעסטעס. אויב עס איז אמת, אַז אין 23 סטייטס האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי קיין אָרגאַניזאַציעס גאַר ניט געהאַט און אין 19 סטייטס האָט זי געהאַט אָרגאַניזאַציעס בלויז אויפ'ן פּאַפּיר און אין בלויז 8 סטייטס איז אָנגעפירט געוואָרען אַ טעטיגע אַרבייט, וועט ניט זיין איבערטריבען, ווען מיר וועלען זאָגען, אַז אין די דאָזיגע 8 סטייטס געפינט זיך אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג, און אַז דאָרטען, וואו עס זיינען פאַראַן אַ סך אידישע אַרבייטער, איז אויך געטאָן געוואָרען אַרבייט פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

עס איז ניט קיין גרויסע פרייד אַזאַ זאַך צו מעלדען. עס ווערט ניט יום־טוב'דיג אויפ'ן האַרצען פון אַזאַ ערשיינונג, אָבער מען קען זיך ניט העלפען. אַזוי זיינען די פאַקטען. און אויב די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געצויגען אַ קנאַפּען מיליאָן שטימען, און אויב סאָציאַליסטישע אַרבייט ווערט געטאָן, האָבען די אידישע גענאָסען זיכער און זעהר פיל מיטגעהאָלפען אין דעם.

און ווען מיר רעדען וועגען אידישע גענאָסען, קענען מיר ניט דורכלאָזען אומבאַמערקט די פריינד, די מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג. אין פיל שטעטלעך זיינען זיי געווען די איינציגע אויפהאַלטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיי האָבען בייגעשטייערט צו די קאַמפּיין־פאָנדס, זיי האָבען געטאָן קאַמפּיין־אַרבייט און זיי האָבען מיטגעווירקט אַז די פּאַרטיי זאָל קריגען דעם קנאַפּען מיליאָן שטימען.

מען דאַרף ניט פאַרמאַכען די אויגען, מען דאַרף קוקען אויף דעם אמת ווי ער איז, ווי טרויעריג ער יאָל ניט זיין, און מען דאַרף טאָן אַלעס מעגליכע די לאַגע בעסער צו מאַכען, און אַזוי ווי די אידישע גענאָסען און סימפּאַטייזער פון סאָציאַליזם האָבען אויף זייערע שולטערן געשלעפּט אַ גרויסען טייל פון די פּאַרטיי־לאַסטען, וועלען זיי עס מוזען ווייטער טאָן, זיי וועלען מוזען ווייטער בויען און שטאַרקען די פּאַרטיי ביז זי וועט צוריק אויפגעשטעלט ווערען אויף די פיס.

אמת, פיל גענאָסען און פריינד זיינען ניט צופרידען מיט די פּאָליסים פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זיי וואָלטען איר וועלען זעהן ראַדיקאַלער, שטאַרקער, אויסגעהאַלטענער און בעסער. עס ליגט אין זייערע הענט די פּאַרטיי איבערצובויען און אַוועקצושטעלען איר אויף פעסטע יסודות. אָבער פריהר פאַר אַלץ דאַרף מען האָבען אַ פּאַרטיי, און אום איר צו האָבען דאַרפען אַלע גענאָסען און פריינד פון לאַנד אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען צו מאַכען פעסטער די רייהען פון דער פּאַרטיי, אַריינצוקריגען מיטגלידער און איר אַוועקצושטעלען אויף אַ פעסטען באָדען. און ווען מיר וועלען האָבען אַ פּאַרטיי, וועלען מיר קענען זאָגען אַ דעה און וועלען קענען ענדערן די פּירערשאַפּט און אַוועקשטעלען אָן דער שפּיץ פּערזאָנען, וועלכע וועלען אויסדריקען אונזער ווילען.

דער יעצטיגער קריזיס, דער יקרות, די שרעקליכע אַרבייטס־לאָזיגקייט, דער אָפּטער קאַמף נעגען די יוניאָנס, די לאָקאַוטס און די פאַרפאָלגונגען נעגען די אַרבייטער זיינען אַ גוטער אַגי־טאַציאָנס־מאַטעריאַל ניט נאָר צווישען די אידישע אַרבייטער, זאָנדערן אויך צווישען די אַמעריקאַנער. און עס איז די פליכט פון יעדען מאָן און סימפּאַטייזער פון סאָציאַליזם צו פאַרשפּרייטען צווישען זיי די סאָציאַליסטישע לערען, אַרונטער־צורייסען די מאַסקעס פון די קאַפּיטאַליסטישע פאַרפירער און אָנצייגען די ברייטע מאַסען, אַז זייער איינציגער וועג צו פאַרבעסערן די יעצטיגע געזעלשאַפט ליגט דורך דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

די אַרבייטער־רינג מיטגלידער, וועלכע האָבען זיך שטענדיג אויסגעצייכענט מיט זייערע ראַדיקאַלע געדאַנקען און סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, וועלען זיכער ני טדורכלאָזען די יעצטיגע געלעגענהייט און וועלען אָנווענדען אַלע מיטלען, אַז אַזאַ שווערער און ביטערער יאָר פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי דער לעצטער, זאָל זיך ניט ווידערהאָלען, און אַז אין דער נאָהנטער צוקונפט זאָלען מיר האָבען אַן אמת פּרינציפּיעלע רייכע אין מיטגלידער, שטאַרקע און פעסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקאַ.

# איבער'ן שטעטעל

פון פ. גודמאַן

איבער'ן שטעטעל קוימענס שטייגען
פון פאַבריקען הויך אַרויס,
קוקען אויף דעם אָרעם געגענט
ווי מיט גאוה פון זייער גרויס...

בלאָזען פון זיך סאַזשע־וואָלקענס,
וואו ניט וואו אַ דיקער רויך
שפּאַרט אין שלענגעלט ווי אַ בייטש זיך —
ווי ר'וואָלט סטראַשען פון דער הויך...

אין פריהמאָרגען איך הער אַ פייפען
דרינגט אַריין אין הויז, אין צעלט —
איז דאָס ניט אַ פאַסטוכ'ס פייפען
רופענדיג די פיה אין פעלד...?

איבער'ן שטעטעל רויך און סאַזשע,
אין דער לופט אַ פייפעריי,
קנאַקט ניט וואו די בייטש פון פאַסטוך?
אונטער'ן בייטש שווינדט אַלץ פאַרביי...

# סעמי

לאה ק. האפמאן:

קינדער־סקיצע

סעמי איז געגאנגען אין גאס מיט זיין מאמען און האט געטראכט: היינט וועט די מאמע שוין מוזען מיר עפעס קויפען, ווייל נעכטען האט זי מיר גאר נישט געקויפט און אייערנעכטען אויך ניט. ס'איז טאקע גוט צו זיין א קינד און גאר נישט בעטען, אבער ווי פיל איז דער שיעור צו ווארטען? דאס הארץ קען דאך פלאצען. די שוי־פענסטער זענען אנגעפאקטע מיט די געשמאקסטע זאכען אין דער וועלט: קוכען מיט ראזשינקעס, זיסע בייגאלעך, טשאקאלאד, שארלאט־רוס מיט קרים פון אויבען, וואס פון איין לעק קען מען זיין גליקליך... אייבי סאלאמאן האט נעכטען אויפגעגעסען צוויי שארלאט־רוסעס און מיר ניט געוואלט געבען קיין לעק. דער חזיר. מיט קעשענעס געלט נעהט ער ארום און קויפט זיך וואס ער וויל.

אז איך וועל זיין א גרויסער, וועל איך ווערען א פרעזי־דענט; דאמאלס וועל איך צונעמען די געלט פון די רייכע און צוטיילען צו די ארעמע. איכ'ל זיי זאגען: איהר'ט עס שוין געהאלטען גענוג לאנג, איצט זאלען עס האבען די ארעמע. אי וועט זיך דאמאלס אייבי ווארפען און שרייען, ער'ט ניט וועלען אוועקגעבען זיינע קעשענעס געלט. נאר איך וועל דאך זיין דער פרעזידענט, וועט ער מוזען טאן וואס א י ך היים. דאמאלס וועל איך האבען קעשענעס מיט געלט און וואס איכ'ל וועלען וועל איך זיך קויפען. דאס ערשטע וועל איך זיך קויפען א שארלאט־רוס און איכ'ל לעקען און לעקען דעם קרים.

„אך ווי געשמאק!“ האט ער א־יסגעשריען זיך באלעקענ־דיג. זיין מאמע האט זיך פארוואונדערט:

„וואס איז געשמאק?“

„דער שארלאט־רוס.“

„וועלכער?“

„מיט די קרים פון אויבען.“

„וואו האסטו א טשאלי טרוס?“

„איך האב נים, נאר איך וועל האבען.“

„אז מ'עט דיר קויפען וועסטו האבען.“

„איכ'ל זיך אליין קויפען.“

„וואו'סטו נעמען געלט?“

„אז איך וועל זיין א פרעזידענט, וועל איך האבען אלע־מענס געלט“.

אז די מאמע האט געזעהן וואו איהר זוהן האלט, האט זי א שמייכעל געטאן צו זיך און געטראכט, אז אזא קינד איז נאר צו באשרייבען אין די פייפערס.

סעמי האט זיך דערווייל אומגעקוקט, אז דער שארלאט־רוס איז נאך אין קראם, ניט ביי איהם אין מויל, און ער האט גע־האלטען, אז דאס איז נאר א גרויסע עולה.

„מאמע, גיב מיר א ניקעל!“ האט ער א זאג געטאן הארצ־לאז, ווי א גזלן.

„אויף וואס דארפסטו א ניקעל?“

„אויף א שארלאט־רוס.“

„געה לאז אפ, א טשאלי טרוס איז ניט גוט, ס'איז געמאכט פון קלאטשע מילך.“

„ס'איז שוין דוקא יא גוט. דו זאגסט אזוי, ווייל דו ווילסט מיר ניט קויפען.“

„נו, איך האב דאך ניט קיין געלט, מיין זוהן.“

„דו האסט יא, נאר דו באהאלטסט עס צו קויפען פלייש און ברוים. מ'דארף עס גאר נים, ס'איז סיווי ניט געשמאק.“

„וואס דען, מ'עט לעבען אויף טשאלי טרוסען?“

„שארלאט־רוס איז טאקע געשמאק.“

„געה, געה, מיין זוהן, דו ווייסט ניט וואס דו רעדסט.“

סעמי איז קיינמאל ניט געווען איינשטימיג מיט זיין מאמען, נאר איצט האט ער געטראכט, אז מאמעס זענען אומ־דערטרעגליך; אז ער וועט זיין א פרעזידענט, וועט ער מאכען עס זאל זיין אוים מאמעס, אלע זאלען זיין טאטעס. די פראגע איז נאר, ווער וועט זיין מיט איהם אין הויז בייגאכט, ווען דער טאטע איז אין דערהיים ניטא? דארף מען, הייסט עס, יא מאמעס. וועט ער מאכען, אז מאמעס זאלען יא זיין, נאר זיי זאלען ניט קויפען קיין פלייש מיט ברויט פאר'ן געלט.

מיט אמאל האט איהם די מאמע איבערגעלאזט מיט זיינע פלענער און איז ארײן אין קראם נאך פלייש.

„אט האסטו דיר! איז זי פארט ארײן נאך פלייש!“ איז סעמי אין כעס געווארען. „פלייש קאסט אודאי א דאלאר און מען קען עס סיווי ניט עסען, קויפט זי פלייש!

פאר כעס האט ער ארויסגעריסען דעם לעצטען קנעפעל פון זיין רעקעל, איהם געגעבען א שמיץ און געטראפען גלייך צו א קינד אין אויג. דאס קינד האט געמאכט א געוואלד און זיין מאמע איז צוגעלאפען צו סעמי'ן נאך געדערכטינקיים.

„וואס האסטו געהאט צו מיין קינד, שגץ איינער!“ האט זי זיך צושריען אויף קאנטרא־אלטא שטים.

סעמי איז פארצאפעלט געווארען און דערפיהלט, אז א מאמע איז גאר א נויטיגע זאך אפילו ווען זי קויפט פלייש.

מאמע! מאמע!“ האט ער גענומען שרייען צו זיין באַ־שיצערין.

באלד האט זיך באוויזען זיין מאמע מיט א העראאישען פנים, פארטיג אויפצונעמען די מלחמה געגען איהר זוהנ'ס שונא.

„וואס טוט זיך דא?“ האט זי זיך געווענדט צו דער קרי־געריטער אידענע.

„ער האט דאך איהם שיר אן אויג ארויסגענומען!“

„ווער?“

„אט דער תכשיט אייערער!“

„וועמען?“

„מיין אינגעלע!“

„נו, מסתמא האט ער איהם פארטשעפעט!“

„וואס פארטשעפעט! ס'איז דאך א בייבעלע אין קע־רעדזש, וועמען קען עס טשעפענען“

„נו, מסתמא האט ער עס געטאן אומגערן!“

„אומגערן! האט יענע נאכגעקרימט. „ער'ט א שמיין גע־טאן דעם קנעפעל גלייך צום קינד אין פנים, זאגט זי אומגערן! אז מען האט אזעלכע קינדער, לאזט מען זיי ניט ארוים אין גאס; די גאס איז פאר אנשטענדיגע מענשען!“

„אז איך קוק אויף אייך, זעה איך טאקע! ס'מע געזעהן, א געוואלד זי'ט געמאכט איבער א קנעפעל? מ'אט געקענט מיינען איך וויים וואס!“

„נו פרעג איך אייך!“ האט די אידענע זיך געווענדט צום עולם וואס האט זיך ארומגעקליבען: „איהר תכשיט ווארפט מיין בייבעלע א קנעפעל אין פנים און זי איז נאך געריבט!“

„הכלל, נו וואס ווילט איהר?“

„וואס איך וויל? ער'ם דאך איהם שיר אן אויג ארויס־גענומען!“

„איז וואס ווילט איהר, איך זאל איהם אפקויפען אן אנ־דער אויג?“

„מיינע שונאים זאל מען קויפען אנדערע אויגען! מיר פאר איהם. ער האט קיין עין־הרע א פאר אויגען ווי צוויי ליכ־טיגע זונען, פונקט זיין טאטעס אויגען. א גוי'ע איז נעכטען פארביינעגאנגען און דערזעהן מיין קינדס אויגען, האט זי זיך נים געקענט אפלויבען פון זיי. איהר זעהט א פאר אויגען?“ האט זי זיך געווענדט צום עולם.

דאס קינד האט דערווייל געזעהן צווישען עולם א איד מיט א באָרד, האט עס זיך דערשראקען און אנגעהויבען וויינען. דערווייל איז די אויסשטעלונג פונ'ם קינדס אויגען קאליע גע־ווארען, און צום איינשטילען דאס קינד האט די מאמע איהם גענומען אוועקפיהרען.

דער עולם איז זיך באלד פאנאנדערגעגאנגען און סעמי מיט זיין מאמען זענען געבליבען שטעהן ווי נאך א מארק. האט סעמי'ס מאמע פארריכט איהר זוהנס היטעלע אויפ'ן קאפ און זיי האבען זיך געלאזט אוועקגעהן.

נאך דער געשיכטע האט סעמי גענומען קוקען אויף זיין מאמען ווי אויף א גרויסען העלד. ער האט נאכגעטראכט ווי שטארק זי האט איהם פארטיידיגט, און ער האט באשלאסען אז מען מעג ליב האבען מאמעס, פונקט אזוי ווי די טאטעס האבען זיי ליב, און טאקע זיך קושען אויך. א מאמע איז שענער ווי א פאפא. א פאפא, אז ער איז ניט האזירט, קען מען זיך ניט צוריהרען צו זיין פנים און א מאמע האט אלע מאָ

# אידישע קולטור־צענטרען אין פוילען

פון א. ראָטמאַן

פון דאָרט, פון פוילען, הערט מען נור האַרץ־רייסענדע, גרויזאַמע גרוסען: פון פּאָגראָמען, אידען־האַס, באָיקאָט, שענדליכע רציחות, מערדערייען און פאַרפאָלגונגען.

זעלטען אָבער ווער עס האָט אַ באַגריף וועגען דער פיבערהאַפטער, לעבעדיגער און שאַפענדער קולטור־באַוועגונג, וואָס קומט פאָר טאַקי צווישען די יעניגע געפּלאָגטע, פאַרפּייניגטע און אויסגעהונגערטע אידישע אַרבייטער אין דעם איצטיגען שוואַרץ־מאה'דיגען פוילען.

נאָך כּמעט אַ 15־20 יאָהר צוריק איז אין פוילען נישט געווען קיין שפּור פון אַ ברייטער קולטור־אַרבייט צווישען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, היינט צו טאָג אָבער וועט איהר נישט געפינען כמעט קיין איין גרעסערע שטאָט אָדער שטעטיל, וואו עס זאָל נישט זיין אַ גראָסער־קלוב, אַן אַרבייטער־היים, אָדער אַן אַנדערע אינסטיטוציע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאַרשפּרייטען קולטור, בילדונג און קונסט צווישען די ברייטע אידישע מאַסען.

צום גרויסען באַדויערן איז די קולטור־אַרבייט אין פוילען נישט צענטראַליזירט און נישט פאַראייניגט. יעדע פּאַרטיי און פּאָליטישע גרופּע מאַכט זיך שבת פאַר זיך און פיהרט איהרע איינענע קלובען, שולען און אַנדערע קולטור־איינריכטונגען. דאָס האָט זיכער אַ שלעכטע ווירקונג און פאַרשמעלערט דעם שוואונג און פאַרנעם פון די דאָזיגע אינסטיטוציעס. עס זיינען דעריבער לעצטענס געמאַכט געוואָרען פּרובען כדי די גאַנצע קולטור־אַרבייט צווישען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט צו פאַרבינדען, פאַראיינהייטליכען און צענטראַליזירען אין איין קולטור־ליגע, אויף'ן שטייגער פון עהנליכע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד, אוקראַינע און ליטאַ.

די צוגרייטונגס־אַרבייט צו שאַפען אַזאַ ליגע איז געווען אויף אַ זעהר גוטען דרך. עס זיינען שוין פאָרגעקומען עטליכע באַראַטונגען פון פּאַרטיי־טוער און קולטור־פאַרשפּרייטער, מען האָט אָנגעהויבען די פראַגע צו באַהאַנדלען און דיסקוטירען אין דער פּאַרטיי־פּרעסע, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז טראָץ די פּאַרטיי־רייסענישען און געגענזייטיגע פאַרביסענקייט איז כמעט נישטאָ קיין מניעות צו גרינדען די אַלגעמיינע אַרבייטער־קולטור־ליגע.

עס איז אָבער געקומען דער גרויסער חורבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם לעצטענס פאַרשטאַרקטען ווייסען טעראָר אין פוילען. צעהנדליגער קלובען און אַרבייטער־היימען זיינען פאַרמאַכט געוואָרען דורך דער שוואַרץ־מאה'דיגער רעגירונג. די לאָקאַלען פון די אינסטיטוציעס, צוגענומען, ביבליאָטעקען פאַרניכטעט און צערשטערט, די בעסטע קולטור־טוער אין די טורמעס און אין די געפאַנגען־לאַגערס פאַריאָגט . . .

דאָס בויען די אַלגעמיינע קולטור־ליגע אין פוילען איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, אָבער די קולטור־צענטרען, די אַרבייטער־קלובען און היימען האָבען טראָץ די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעשטעלט זייער טעטיגקייט.

היינט צו טאָג, ווען די רעאַקציע אין פוילען ווילדעוועט נאָך שרעקליך און די אַרבייט פון די פּראָלעטאַרישע פּאָליטישע פּאַרטייען ווערט דערדריקט אויף'ן גרויזאַמסטען אופן, זיינען די אַרבייטער־קלובען — נעבען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — די פעסטונגען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער אידישער אַרבייטער אין פוילען אין זיין שווערען און ביטערען קאַמף. עס איז דעריבער כדאַי זיך אָפּצושטעלען אויף זייער טעטיגקייט.

די גרעסטע און וויכטיגסטע ראָליע צווישען די קולטור־צענטרען שפּילען די אַזוי־גערופענע גראָסער־קלובען, אינסטיטוציעס, וואָס געפינען זיך אונטער דער השפעה פון „בונד“ און זיינען געגרינדעט געוואָרען אויף'ן נאָמען פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם גרויסען בונדישען טוער, בראָניסלאַוו גראָסער.

די דאָזיגע קלובען — הגם זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען ערשט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק — צעהלען זיי שוין איצט טויזענדער און איבער טויזענדער מיטגלידער און פיהרען אַ ברייטע און פאַרשידענאַרטיגע טעטיגקייט.

די גראָסער־קלובען זיינען קודם כל אַ היים, וואו אין די לאַנגע אָווענדען אָדער ביי טאָג גופא — אין אַ צייט פון אַרבייטסלאָזיגקייט — פאַרזאַמעלט זיך דער אידישער אַרבייטער.

דאָרט האָט ער אַ ביבליאָטעק, אַ לעזע־זאַל, אַ ביליגען שפּייז־האָל; דאָרט שפּילט ער אין שאַך, אין אַ „דאַמקע“, אַ דאָמינע; דאָרט כאַפּט ער אַ שמועס מיט חברים, פריינד און באַקאַנטע.

די גראָסער־קלובען אָרדענען איין סיסטעמאַטישע קורסען, פאַרלעזונגען און דיסקוסיאָנס־אָווענדען וועגען אַלערליי פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטור־פראַגען. ספּעציעל אינטערעסאַנט זיינען די דיסקוסיאָנס־אָווענדען, וואָס ציהען צו די אויפמערקזאַמקייט און רופען אַרויס דעם גרעסטען אינטערעס צווישען די אידישע אַרבייטער.

אין די גרעסערע שטעט פאַרמאָגען די גראָסער־קלובען אייגענע כאָרען און אָפטמאָל אויך אייגענע אָרקעסטרען. דער וואַרשאַווער גראָסער־כאָר, וועלכער צעהלט איבער הונדערט מיטגלידער, ווערט אָנגעפיהרט דורך אַזעלכע באַריהמטע קאָמפּאָניסטען און דיריגענטען ווי ליָאָוו, שניאור, קיפּנים און אַנדערע.

דער גראָסער־כאָר איז באַריהמט און באַליבט אין גאַנץ וואַרשאַ און זיינע עפענטליכע אַרויסטרעטונגען, ביי מאַי־פייערונגען, פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס וכדומה, האָבען אַרויסגערופען די גרעסטע ענטציקונג צווישען די ברייטסטע אַרבייטער־שיכטען, סיי אידישע, סיי פוילישע. אַ חוץ דעם זיינען כמעט ביי אַלע גראָסער־קלובען אָרגאַניזירט דראַמאַטישע קורסען, וואָס טרעטען אַרויס אין דער עפענטליכקייט מיט פאַרשטעלונגען, לעבעדיגע בילדער, דעקלאַמאַציעס א. אַ. וו.

די אויפקלערונגס־אַרבייט פון די אַרבייטער־קלובען טראָגט אַ זעהר ערנסטען און גלייכצייטיג גאַנץ אינטערעסאַנטען כאַראַקטער. די פאַרוואַלטונגען באַמיהען זיך עס צו ענטוויקלען ביי זייערע מיטגלידער אַן אַרטיסטישען געשמאַק און די פאַרשטעלונגען, קאָנצערטען און אַלערליי אונטערנעמונגען, צייכענען זיך אויס מיט זייער עסטעטישער הויך.

עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען, אַז די אַרבייטער־קלובען אָרגאַניזירען שפּאַצירען אונטער דער שטאָט, אין די פעלדער און וועלדער, כדי צו באַקענען די מיטגלידער מיט דער נאַטור. ס'ווערען גאַנץ אָפט אויך געמאַכט באַזוכען אין די קונסט־גאַלעריען, מוזעאומס און אויסשטעלונגען—דאָס אַלץ אונטער דער לייטונג פון ערפאַהרענע, פּאַסענדע לעקטאָרען און פּראָפעסאָרען.

צום סוף מוז נאָך באַטאָנט ווערען, אַז די גראָסער־קלובען האָבען געמאַכט די ערשטע פּרובען פון אַריינפיהרען און איינפלאַנצען ליבע צו ספּאָרט און גימנאַסטיק צווישען זייערע מיט־

---

אַ גלאַט, שען פּנים. עס קען זיין, אַז גאָט האָט די מאַמעס עקסטראַ געמאַכט מיט אַזעלכע שענע פּנים'ער, אַז די פּאַפּאַס זאָלען זיי ליב האָבען. אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, האָט ער געטראַכט, וועל איך זיך קויפען אַ מאַמע ווי קאָזין דזשייק'ס. יענע האָט אַן אָפּגעפאַרבטען פּנים און זי זינגט און טאַנצט ווען מען רעדט צו איהר. נאָר דערווייל איז די מאַמע אויך זעהר שען, אַ סך שענער ווי זייבי'ס מאַמע, וואָס האָט אַ מויל ווי סטיפּעלטשיים. נאָר סעמי האָט שאַרלאָט־רוסעס וויפיל ער וויל.

„מאַמע, איך וויל אַ שאַרלאָט־רוס!“ האָט ער גוטמוטיג געפאָדערט.

„מיין קינד, איך האָב אַוועקגעגעבען דעם בוטשער ביז אַ סענט.“

האָט סעמי פאַרשטאַנען און מיטגעפיהלט זיין מאַמען, אָבער דער שאַרלאָט־רוס אין שוי־פענסטער האָט איהם ניט געלאָזט לעבען און ס'איז איהם געווען שווער אַריבערצוטראָגען דעם געדאַנק, אַז ער וועט זיך מוזען באַגעהן אָהן דעם.

מיט אַמאָל האָט ער זיך צוזאַמענגענומען, ווי איינער וואָס דערלייזט זיך פון אומדערטרעגליכע באַגעהרען, און אַ זאָג געטאָן:

„טאַ גיב מיר אַ יעש, מאַמע!...“

# וויסענשאַפט און טעכניק פאַר'ן יאָר 1920

פון ל. סאַמאַילאָוו

דאָס יאָר 1920 האָט קיין ריזיגען פּראָגרעס אויף'ן געביט פון וויסענשאַפט און טעכניק ניט געמאַכט. קיינע וויסענשאַפטליכע אָדער טעכנישע ערפינדונגען, אָדער ענדערונגען פון אויסשליסליכען ווערט, זיינען פאַר דעם יאָר נים געשאַפען געוואָרען. אין דעם הינזיכט איז עס געווען אַ גאַנץ געוועהנליך יאָר. אין די פילע לאַבאָראַטאָריעס און וויסענשאַפטליכע אינסטיטוטען, וואָס זיינען צושפּרייט איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, האָט מען געמאַכט אַ רייהע קלענערע ערפינדונגען און אַנטדעקונגען, וועלכע קענען האָבען אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די ענגערע וויסענשאַפטליכע, טעכנישע און אינדוסטריעלע קרייזען; זיי זיינען אָבער ניט גענוג פּאָפּולער מיט זייער אינהאַלט, אַז זיי זאָלען אינטערעסירען דעם ברייטען עולם.

אין דעם זעלבען יאָר 1920 זיינען אָבער פאַרעפענטליכט און באַקאַנט געוואָרען אַ גאַנצע רייהע ערפינדונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער צייט פון דער מלחמה און זיינען פריהער געהאַלטען געוואָרען אין געהיים. און אין דעם זעלבען יאָר זיינען אויך פאַרענדיגט און געבראַכט געוואָרען צו אַ שטופּע פון פּראַקטישער אָנווענדונג אַזעלכע ערפינדונגען, איבער וועלכע מען האָט עקספּערימענטירט נאָך מיט עטליכע יאָר צוריק.

צווישען די ערפינדונגען, וואָס זיינען אָנגעווענדט געוואָרען צוליב מלחמה־צוועקען און זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען ערשט ניט לאַנג צוריק, איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם מיטעל אַריבערצושיקען סיגנאַלען דורך אַ בינטעל ניט־זעהבאַרע שטראַלען. אָנגעווענדעט איז עס געווען אין פיל ערטער, אָבער דאָ וועלען מיר רעדען וועגען דעם, וואָס עס איז געווען אָנגעווענדט אין דעם אַריינגאַנג אין דעם האַפען פון ניו־יאָרק. אויף „סענדי־הוק“, ביי דעם אַריינגאַנג אין האַפען, האָבען זיך געפונען אַ טורעם. אויף'ן טורעם האָט זיך געפונען אַ „פּראָזשעקטאָר“, ד. ה. אַ גרויסער עלעקטרישער לאַמטערן, וואָס שיקט ליכט־שטראַלען נאָר אין איין ריכטונג (מען רופט עס אַמאָל „סוירטש־לייטס“). דאָס איינציגע פענסטערל פון לאַמטערן איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ גלאָז פון אַזאַ כעמישען אינהאַלט, וואָס האָט פאַרהאַלטען אַלע שטראַלען פון ליכט און דורכגעלאָזען די אַזוי־גערופענע „אינפראַ־רויטע“ שטראַלען, וואָס באַזיצען די זעלבע פיזישע און כעמישע אייגענשאַפטען וואָס אַלע אַנדערע שטראַלען, מען קען זיי אָבער מיט די אויגען ניט זעהן. און 18 מייל ווייטער, אויפ'ן שפּיץ פון וואָלוואָירט בילדינג, האָט זיך געפונען אַן אַנדער אַפּאַראַט, וואָס האָט איבערגענומען די שטראַלען, וואָס דער פּראָזשעקטאָר פון סענדי־הוק האָט אַרויסגעשיקט.

כאָטש די פּרינציפּען, אויף וועלכע דאָס אַלץ איז געווען געבויט, זיינען ניט געווען קיין נייע, אָבער די איינריכטונגען דאָ האָבען געהאַט אַ סך אָריגינעלע און טיפזיניגע איינצעלהייטען. און דער רעזולטאַט איז אויך געווען אַן אינטערעסאַנטער. ווען מען וואָלט געשיקט סיגנאַלען דורך אַ געוועהנליכען פּראָזשעקטאָר, וואָלט קיינער די סיגנאַלען ניט פאַרשטאַנען, אָבער אַלע וואָלטען דאָך געזעהן, אַז מען שיקט אַריבער געהיימע סיגנאַלען צווישען די אויבענדערמאָנטע צוויי פּונקטען. ווען מען וואָלט די סיגנאַלען געשיקט דורך אַ דראָטלאָזען אַפּאַראַט, וואָלט מען די סיגנאַלען ניט פאַרשטאַנען, אָבער יעדער איינער, ווער עס האָט ביי זיך אַזאַ אַפּאַראַט, וואָלט דאָך געוואוסט, אַז ערגעץ סוד'עט מען זיך דאָ. און מיט דער הילף פון אָט דעם אַפּאַראַט האָט מען אַריבערגעשיקט פאַרשידענע סיגנאַלען און קיינער האָט וועגען דעם ניט געוואוסט, ווייל מען קען די אינפראַ־רויטע שטראַלען ניט זעהן.

פון די ערפינדונגען, איבער וועלכע מען האָט נאָך פריהער עקספּערימענטירט און וועלכע זיינען פאַרפולקומט געוואָרען צו אַ שטופּע פון אָנווענדונג אין יאָר 1920, איז די פּאָפּולערסטע פון אַלע דער פּראָצעס פון אַריבערשיקען פאָטאָגראַפישע בילדער דורכ'ן טעלעגראַף. דאָס איז נים קיין נייע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונג, ווייל די אַלע טעאָרעטישע, וויסענשאַפטליכע פּרינציפּען, אויף וועלכע אָט דער אַפּאַראַט איז געבויט, זיינען געווען באַוואוסט נאָך פון פריהער. אָבער די טעכנישע ערפינדונגען זיינען דאָ גאַנץ טיפזיניגע. געאַרבייט אויף דעם האָבען עטליכע ערפינדער אין פאַרשידענע טיילען פון דער וועלט, נאָר דעם קרעדיט פאַר פאַרפולקומען אַזאַ אַפּאַראַט צו אַ שטופּע פון פּראַקטישער אָנווענדונג קומט דעם פראַנצויזישען געלערנטען מאָסיע עדואַרד בעלין. אין מיטען פון נאָוועמבער האָט ער זיין אַפּאַראַט דעמאָנסטרירט דאָ, אין אַמעריקאַ, און ער האָט באַוויזען אַריבערצושיקען גאַנץ צופרידענשטעלענדע פאָטאָגראַפישע בילדער דורך טעלעגראַפישע דראָטען פון ניו־יאָרק קיין סענט־לואיס און צוריק, אויף אַ שטרעקע פון טויזענט מייל. אָט די ערפינדונג איז זיכער אַן עפּאָכע־מאַכענדע ערשיינונג.

אַ צווייטע ערשיינונג, אַ פיל באַשיידענערע, אָבער וועלכע האָט נאָך אַ גרעסערע וויסענשאַפטליכע באַדייטונג ווי די מעגליכקייט אַריבערצושיקען פאָטאָגראַפישע בילדער דורכ'ן טעלעגראַף, איז געמאַכט געוואָרען אין אינדיאַ. אַ געלערנטער הינדו, פּראָפ. דזשאַגאַדיס באָסע, האָט ערפונדען אַן אַפּאַראַט, וועלכען ער האָט אָנגערופען „קרעסקאָגראַף“. דער אַפּאַראַט באַשטעהט פון אַ קוואַל פון ליכט און פון אַ קאָמבינאַציע פון שפּיגלען איינגעריכטעט אַזוי, אַז עס קען באַצייכענען אויף אַ שוואַרצער ברעט

---

גלידער — אָבער די דאָזיגע אינטערעסאַנטע און נוצליכע אַרבייט האָט אָנגעטראָפען אויף אַלערליי שוועריגקייטען און האָט נישט באַוויזען ברייטער זיך צו ענטוויקלען.

די קולטור־צענטרען פון די אידישע אַרבייטער אין פּוילען דערמאָנען זעהר ווייניג די גרויסאַרטיגע, ליכטיגע און בעקוועם־איינגעאָרדענטע אַמעריקאַנער לייבאָר־לייסעאומס, מעהרסטענטייל געפינען זיך די אַרבייטער־קלובען אין אַ פּאָר ענגע, שמאָלע צימערלעך, דערפאַר אָבער פאַרמאָגען זיי עפּיס בעסערס, ווי דער אויסערליכער פּראַכט און גלאַנץ — די הערצער און געמיטער פון זייערע מיטגלידער.

די אַרבייטער־קלובען זיינען גוואַלדיג באַליבט ביי דער אידישער מאַסע פון פּוילען און נישט בחנם שטורעמט מען אַזוי די אַמעריקאַנער חברים און אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלען זעהן צו שטיצען מיט אַלע מעגליכקייטען די קולטור־באַוועגונג אין פּוילען.

דער גראָסער־קלוב, די אַרבייטער־היים און עהנליכע אינסטיטוציעס זיינען ביי דעם אידישען אַרבייטער געוואָרען אַן עיר־מקלט, וואו ער אַנטלויפט פון דער קאַלטער, נאַסער, אומעטיגער און הונגעריגער שטוב; וואו ער רוהט זיך אויס, סיי פיזיש, סיי גייסטיג; וואו ער הערט דאָס ריכטיגע, האַרציגע וואָרט; וואו ער ענטוויקעלט זיך און פאַרשפּרייט זיין געדאַנקען־האָריזאָנט; וואו ער שעפּט כחות צו זיין ווייטערדיגען, שווערען און ביטערען קאַמף.

דער דראַנג נאָך וויסען, קולטור און קונסט איז ביי דער אידישער אַרבייטער־מאַסע אין פּוילען פאַרהעלטניסמעסיג ניי און פריש, פיל נייער, ווי דיזעלבע שטרעבונג אין אַ רוסלאַנד, אוקראַינע און ליטאַ.

אין די פינסטערע, חושכ'דיגע, האַלב־ווילדע, ווייט אָפּגעשטאַנענע שטעט און שטעטלאַך פון אַ גאַליציען און קאָנגרעס־פּוילען שפּילט אָפטמאָל דער גראָסער־קלוב אַ ראָליע פון דעם איינציגען ליכט־פּונקט, וואָס ברענגט אַריין מוט, האָפענונג און אויפקלערונג אין די ברייטע מאַסע. די אַמעריקאַנער ברידער און פריינד זאָלען זיך דעריבער נישט לאָזען פאַרטומלען פון דער „אַנטי־קולטור“־שטרעמונג, וואָס עס הערשט אָפטמאָל צווישען די היגע רעליף־טוער בנוגע דער הילף, וואָס דאַרף געגעבען ווערען פאַר די אידישע אַרבייטער אין מזרח־אייראָפּאַ.

נישט נאָר מיט דעם קויטיגען לחם הקלקל און וואַסער־זופּ ווילען און וועלען לעבען די אידישע אַרבייטער אין פּוילען, — זיי לעכצען, באַגעהרען און מוזען אויך האָבען ברייטע קולטור־אַרבייט.

דאָס איז אַ לעבענס־באַדערפניש פון דער מאַסע און מען טאָר זיי נישט לייכט אָדער גרינג־שעצען.

די גראָסער־קלובען נעבען די אַרבייטער־שולען און פאָלקס־אוניווערזיטעטען שפּילען דאָ די באַדייטענדסטע ראָליע און זיי פאַרדינען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, אינטערעס און שטיצע מצד די אַמעריקאַנער אידישע אַרבייטער־אינסטיטוציעס.

די באוועגונג פון זאכען מיט א פארגרעסערונג פון עטליכע מיליאן מאל. זיצענדיג אין א פינסטערן צימער און קוקענדיג אויף א שווארצער ברעט קען מען מיט דער הילף פון אט דעם אפאראט נאכפאלגען מיט די אויגען ווי אזוי עס וואקסט א בלום. לאמיר זאגען, אז מיר ווילען באאבאכטען א געוויסע בלום, וואס וואקסט מיט דער שנעלקייט פון איין־צענטעל פון אן אינטש אין א טאג. ווי אזוי עס קומט צו איין־צענטעל פון אן אינטש צו דעם בלאט אדער שטאנג פון א בלום קען מען מיט די אויגען ניט באמערקען; אבער דער „קרעסקאגראף" פארגרעסערט די באוועגונג אין עטליכע מיליאן מאל, קען מען שוין מיט זיין הילף נאכפאלגען ווי אזוי צו דער בלום קומען צו אלע נייע און נייע מיקראסקאפיש־קליינע טיילכעלאך אין יעדער סעקונדע באזונדער.

אזא אפאראט וועט מיט דער צייט שפילען אין ביאלאגיע א זעהר גרויסע ראלע און וועט האבען פילייכט ניט קיין קלענערע וויסענשאפטליכע באדייטונג ווי דער מיקראסקאפ.

נאך אן אפאראט, איבער וועלכען מען האט עקספערימענטירט שוין עטליכע יאר און וועלכער איז פארטיג געווארען אין 1920, איז דער „אפטאפאן". אט דער אפאראט וועט האבען א גרויסע באדייטונג נאר פאר די בלינדע, ד. ה. נאר פאר א קליינעם טייל פון דער מענשהייט, דערפאר אבער וועט ער פאר זיי עפענען גאנצע וועלטען. ביז איצטער האט מען פאר די בלינדע געדרוקט באזונדערע ביכער און זשורנאלען, אין וועלכע די בוכשטאבען זיינען געוועזען אויסגעפרעסט אזוי, אז מען זאל זיי קאנען אנטאפען מיט די פינגער. און מיט דער הילף פון דעם „אפטאפאן" וועלען די בלינדע קענען לעזען אלע צייטונגען און זשורנאלען, — די זעלבע וואס ווערען געדרוקט פאר די זעהענדע. דער אפאראט באשטעהט פון א קוואל פון ליכט מיט א קאמבינאציע פון אפטישע גלעזער און איז פאראייניגט מיט א טעלעפאנישער איינריכטונג. דער אפאראט האט די פעהיגקייט צו פארוואנדלען שווארצע בוכשטאבען, וואס זיינען געדרוקט אויף ווייס פאפיר, אין קלאנגען, וועלכע מען קען הערען אין דער טעלעפאנישער איינריכטונג. יעדער בוכשטאב האט זיך זיין באזונדער קלאנג, און נאך א געוויסער איבונג קענען זיך די בלינדע אויסלערנען צו לעזען געוועהנליכע ביכער און זשורנאלען מיט דער הילף פון אט דעם נייעם אפאראט.

אויפ'ן געביט פון קינעמאטאגראפיע (מואווינג פיקטשורס) זיינען געמאכט געווארען איניגע קלענערע און גרעסערע פארבעסערונגען און ערפינדונגען. די וויכטיגסטע פון זיי, וועלכע מען קען דא פארצייכענען, זיינען פאלגענדע צוויי:

ערשטענס, האט מען אין פראנקרייך ערפונדען א מיטעל ארויפצונעמען מער ווי 20 טויזענד באזונדערע פאטאגראפישע בילדער אין דער צייט פון אן איין־איינציגער סעקונדע. מיט דער הילף פון אזא אפאראט האט זיך איינגעגעבען ארויפצונעמען א רייה פאטאגראפישע בילדער פון א פליהענדער קויל, וואס איז ארויסגעשאסען געווארען פון א ביקס. יעדעס בילד באזונדער צייגט וואו עס געפינט זיך די קויל (ד. ה. ווי ווייט פון ביקס) און וואס פאר א פארם עס נעמען אן די גאזען, וואס האבען זיך ארויסגעשטופט פון ביקס. אט די איינריכטונג האט פאר זיך א גרויסע און רייכע צוקונפט.

און צווייטענס, האט מען אין אמעריקא ערפונדען א מיטעל ארויפצונעמען באוועגליכע בילדער פון פארשידענע זאכען מיט דער הילף פון עקס־שטראלען. אזעלכע מואווינג פיקטשורס צייגען ווי אזוי עס באוועגען זיך די מוסקולען און די ביינער פון מענשען און אנדערע לעבעדיגע באשעפענישען אין דער צייט, ווען זיי אליין באוועגען זיך. ווען אט די איינריכטונג וועט זיך אנטוויקלען, וועט עס פיל ארויסהעלפען צו שטודירען דעם געבוי און די אינערליכע באוועגונגען פון מענשען און אנדערע לעבעדיגע באשעפענישען.

אויפ'ן געביט פון אגריקולטור זיינען אין דייטשלאנד געמאכט געווארען איניגע זעהר וויכטיגע עקספערימענטען, וועלכע האבען געגעבען פיל־פארשפרעכענדע רעזולטאטען.

איינער פון די מיטלען צו דערגרייכען גרעסערע גערעטעניש איז — ווי עס איז אלעמען באוואוסט — צו באמיסטיגען די ערד, ד. ה. אריינצומישען אין דער ערד אזעלכע שטאפען און מאטעריאלען, אין וועלכע עס נויטיגען זיך די פלאנצען וואס דארפען דא וואקסען. און די עקספערימענטען, וואס זיינען דורכגעפירט געווארען אין דייטשלאנד, זיינען באשטאנען אין דעם, וואס מען האט דא באמיסטיגט ניט די ערד, נאר די לופט. „באמיסטיגען די לופט" איז אן אויסדרוק, וואס זיינע ווערטער קלעפען זיך ניט איינער צום צווייטען, אבער אט די ווערטער דריקען אמבעסטען אויס די ווירקליכקייט פון דער לאגע. עס האנדעלט זיך אט וועגען וואס:

איינער פון די הויפט־שטאפען, פון וועלכע אלע פלאנצען באשטעהען, איז דער קוילען־שטאף. די לופט אנטהאלט א געוויסע מאס פון א גאז, וואס רופט זיך „קוילען־זויער". דאס איז א מישונג פון קוילען־שטאף און זויער־שטאף. פון אט דעם קוילען־זויער זאפען די פלאנצען איין זיך אריין די קוילען־שטאף, און דעם זויער־שטאף לאזען זיי אפ פריי. צייגט זיך אבער ארויס, אז די לופט אנטהאלט ניט גענוג פון אט דעם קוילען־זויער גאז. האט מען אין דייטשלאנד פארפלאנצט עטליכע פעלדער מיט פארשידענע גרינסען נעבען אזעלכע פאבריקען, וואס פון ז'ערע קוימענס שלאגט שטענדיג ארויס אט דער קוילען־זויער. אבער דא האט מען עס איינגעריכטעט אזוי, אז אט דער קוילען־זויער זאל זיך פארשפרייטען איבער רערען וואס זיינען אויסגעלייגט איבער'ן פעלד און זאל זיך ארויסשפארען דורך קליינע לעכעלאך, וואס זיינען אויסגעבויערט אין אט די רערען. און דאס האט באדעקט די גאנצע לופט איבער אט דעם פעלד מיט א געדיכטער מישונג פון קוילען־זויער. און די רעזולטאטען זיינען געוועזען מערקווירדיגע. יענע טיילען פון פעלד, וואו אט די איינריכטונג איז איינגעפיהרט געווארען, האבען געגעבען א גערעטעניש (קארטאפעל, קרויט, בוריקעס און אנדערע) פון אנדערטהאלבען ביז צוויי מיט א האלבען מאל גרעסער ווי אויף יענעם דערבייאיגען פעלד, וואו אט די איינריכטונג איז ניט געווען איינגעפירט, כאטש די גוטסקייט פון דער ערד און דאס באוואסערונג איז געוועזען די זעלבע אין ביידע ערטער.

און אין אלגעמיין קען מען זאגען, אז אין פארגלייך מיט אנדערע געוועהנליכע, ניט אויסשליסליכע יארען, האט ניט דאס יאר 1920 מיט וואס זיך צו שעמען.

---

# אינטערעסאנטע פראגען

(צום דיסקוטירען אין די ברענטשעס)

## ארבייטער־רינג פראגען

1) צי זאלען די א.־ר. קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען אנגעפירט ווערען פון גענעראל אפיס?

2) צי איז פאר אונז וויכטיג, אז אלע ראדיקאלע אידישע ארבייטער־ארדענס זאלען זיך פאראייניגען מיט'ן א.־ר.?

3) צי דארפען מיר שטרעבען איינצופירען ביי אונז א דריי טויזענד דאלערדיגע פאליסי?

4) צי וואס דארף מען לערנען אידיש אין די א.־ר. קינדער־שולען?

## אלגעמיינע ארבייטער־פראגען

1) די אורזאכען פון יעצטיגען קריזיס.

2) קען די אנערקענונג פון סאוויעט רוסלאנד פארמילדערן דעם עקאנאמישען קריזיס איבער דער וועלט?

3) וועלכע שטרעמונג אין דער סאציאליסטישער באוועגונג איז די ריכטיגסטע?

4) איז נויטיג א פערטער אינטערנאציאנאל?

---

צו לאזען זיך שטרייכען פון א.־ר. ווען דער קריזיס איז אין פולען שפיל און הילפלאזיגקייט קוקט נאר אויס די געלעגענהייט ווי זיך אריינצוכאפען אין אייער נעסט — איז מ ע ר ווי לייכטזיניג — עס איז א פ א ר ב ר ע כ ע ן געגען אייער פאמיליע . . .

* * *

מיר וויסען נישט וועלכע „האלד־אפס" זאלען אונז פריהער באאומרוהיגען, די וואס ווערען געמאכט אויף די גאסען פון אונזער געבענשטער ציוויליזאציע פון באנדיטען, אדער די וואס ווערען געמאכט אין אירע שעפער און סטארס — פון די כשר'ע „אינהאבערס"...

* * *

זעהט, אז אייער קינד, כאטש עס געהט נאך נישט אין דער א.־ר. שולע, זאל זיך אויך באטייליגען אין דעם א.־ר. קינדער־רעליף.

* * *

קויפט אונזערע ביכער און לעזט זיי. אבער ווען אפילו איהר שטעלט זיי נאר דערוויל אריין אין אייער בוך־שראנק, איז אויך גוט. זיי וועלען פון דארט שטענדיג ארויסקוקען און דערמאנען אייך, אז א מענש דארף לערנען און וויסען . . .

* * *

פאר א שווארצער רעגירונג פאסען זיך טאקע „בלאע" געזעצען. עס איז א רייכע פארבען־קאמבינאציע . . .

* * *

א כינעזישע פראווינץ שטארבט אויס פון הונגער . . . און די גאנצע וועלט שטארבט פאר דורשט נאך א ביסעלע גליק . . .

# די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין 1920

פון אהרן סטאָלינסקי

## א. אייראָפּא

דורכבלעטערנדיג די קאָאָפּעראַטיווע זשורנאַלען פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, מוז זיך יעדען איינעם וואַרפען אין די אויגען אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג: כמעט איבעראַל האָבען די קאָאָפּעראַטיוון גענומען זיך ענגער פאַראייניגען. די וועלט־מלחמה, דער יקרות און דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער קריזיס האָבען אַ סך בייגעטראָגען, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג זאָל זיך ענטוויקלען מיט אַן אומגעהויערער שנעלקייט. קאָאָפּעראַטיוון זיינען געגרינדעט געוואָרען ניט צוליב וועלכען־ניט־איז הויכען אידעאַל, נאָר כדי פשוט אַביסעל צו פאַרלייכטערן די אַלטעגליכע טרויעריגע לאַגע. אַנדערש האָט עס נאַטירליך ניט געקענט זיין. אָבער קיין לאַנגען קיום קענען אַזעלכע „נויט־קאָאָפּעראַטיוון" ניט האָבען. זיי ווערען געגרינדעט אויפ'ן ווינט און פאַרשווינדען אויך אויף דעם זעלבען אופן. דאָס וואָלט אָבער נאָך ניט געווען אַזאַ געוואַלטיגע געפאַהר, ווען זיי וואָלטען מיט זייער אונטערגאַנג אויך ניט מיטגעריסען אַ סך אַלטע איינגעפונדעוועטע געזעלשאַפטען.

דאָס אַלץ האָבען באַצייטענס באַגריפען די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטאָרס (אַ ביסעל שוואַכער אויך די אַמעריקאַנער) און זיי האָבען אַרויסגעלאָזען אַן אַלגעמיינעם אַלאַרם־רוף: קאָאָפּעראַטיוון פאַראייניגט זיך! וואָרים נאָר דורך שטאַרקע און ענגע פאַרבינדונגען וועט זיין מעגליך צו פאַרמיידען דעם אונטערגאַנג פון דעם אַלעם, וואָס איז אויסגעוואַקסען דורך דער צייט פון דער מלחמה, און מיר זעהען. טאַקע ווי אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער ווערען איצט געגרינדעט קאָאָפּעראַטיווע פאַרבאַנדען און האָלסייל געזעלשאַפטען. אַ חוץ דעם ווערט די קאָנקורענץ נעגען די קאָאָפּעראַטיוון פון יאָר צו יאָר שטאַרקער, מער אָרגאַניזירט, און די קאָאָפּעראַטיוון ווערען דאַריבער געצוואונגען ענגער צוזאַמענשליסען זייערע רייהען, כדי געמיינשאַפטליך זיך צו פאַרטיידיגען געגען זייער ביטערן שונא — פּריוואַט־קאַפּיטאַל.

צווישען די אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיוון פאַרנעמען די ענגלענדער נאָך אַלץ דעם אויבען־אָן. מיר זאָגען „נאָך אַלץ", ווייל גאָר אין גיכען וועלען די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון פאַרנעמען זייער פּלאַץ. דער פאַקט איז, אַז אין צאָל ווערען שוין היינט די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון גערעכענט אַלס די גרעסטע אין דער וועלט. אָט זיינען עטליכע פאַקטען וועגען דער ענגלישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג:

זי האָט איצט אַרום 4 מיליאָן מיטגלידער: איהר שער און לאָאַן קאַפּיטאַל באַטרעפט אַן ערך 388 מיליאָן דאָלאַר; די קאָאָפּעראַטיוון טוען געשעפטען אויף אַן ערך אַ פערטעל ביליאָן דאָלאַר; זיי באַשעפטיגען אַרום 165 טויזענט אַרבייטער, וועמעס שכירות באַטרעפען איבער 70 מיליאָן דאָלאַר יערליך; זיי צאָלען אויס אַרום 15 מיליאָן דאָלאַר דיווידענד יעדען יאָר. כמעט אַלע געשעפטען און פאַבריקען פון די קאָאָפּעראַטיוון ווערען פאַרוואַלטעט פון אַרבייטער, אָדער פון געוועזענע אַרבייטער. — די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון האַלטען זיך איצט אין פאַראייניגען מיט דער לייבאָר פּאַרטיי אַלס אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט.

די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר געמאַכט אַ ריזען פאָרטשריט. די נאַציאָנאַליזאַציע פון די קאָאָפּעראַטיוון האָט געהאַט פונקט אַן אומגעקערטע ווירקונג, ווי די קאָנסערוואַטיווע קאָאָפּעראַטאָרס האָבען נביאות געזאָגט. די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וואַקסט זיך פאַנאַנדער אין אַלע צווייגען פון דער אינדוסטריע און האַנדעל. די קאָאָפּעראַטיוון מאַכען איצט אַן אומזאַץ אויף איבער אַנדערטהאַלבען ביליאָן דאָלאַר אַ יאָר. די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון צייכענען זיך באַזונדערס אויס אויפ'ן געביט פון בילדונג און ערציהונג. אַ חוץ דעם האָבען זיי אויך אַ גאַנצע רייהע שולען פאַר מענעדזשערס, בוכהאַלטערס, אָרגאַנייזערס א. אַ. וו. גוטע סטודענטען ווערען פאַרגעצויגען און קריגען אַזוי אַרום לעבענסלענגליכע באַשעפטיגונג. די מאָסקווער קאָאָפּעראַטיווע פאָלקס־באַנק, וועלכע איז קאַפּיטאַליזירט אויף 100 מיליאָן רובל, האָט אָפּטיילונגען איבער גאַנץ רוסלאַנד און אויך עטליכע וויכטיגע בראַנטשעס אין אויסלאַנד.

די עסטרייכישע קאָאָפּעאַטיווע האָלסייל מאַכט שוין געשעפטען אויף איבער 135 מיליאָן דאָלאַר. די פּוילישע קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום געזעלשאַפטען האָבען אין יאָר 1919 געמאַכט אַן אומזאַץ קרוב צו 35 מיליאָן דאָלאַר. די אידישע קאָאָפּעראַטיוון אין פּוילען און אין אוקריינע זיינען פאָרלויפיג נאָך זעהר אָרים און מאָגער, און עס ווענדט זיך אַ סך אין אונז, אַמעריקאַנער אידען, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלען דאָרטען קריגען אַ מער לייטישען פּנים.

די דייטשע קאָאָפּעראַטיווע גרויס־איינקויף געזעלשאַפט האָט פאַרגרעסערט אירע געשעפטען פון 25 מיליאָן אויף 85 מיליאָן דאָלאַר. די דענישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען איצט שוין קנאַפּע 17 הונדערט געזעלשאַפטען. די בעלגישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־קאָאָפּעראַטיוון האָבען 271 געזעלשאַפטען. דורכ'ן לעצטען יאָר איז אַ סך געטאָן געוואָרען, כדי צו פאַראייניגען די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיוון אין אַן ענגערן פאַרבאַנד. די ניט־קאָנצענטרירקייט איז געווען די הויפּט־שוואַכקייט פון די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוון.

דער האָלענדישער קאָאָפּעראַטיווער צענטראַלער פאַרבאַנד ציילט אַ מיטגלידערשאַפט פון 250 טויזענט. אין פראַנקרייך געפינען זיך איבער 4 טויזענט קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. זיי נעמען אַרום אַן ערך 4 מיליאָן מענשען. דער יערליכער אומזאַץ פון די פראַנצויזישע קאָאָפּעראַטיוון איז שוין קרוב צו טויזענט מיליאָן פראַנק. די פראַנצויזישע רעגירונג איז אויך זעהר פריינדליך צו די קאָאָפּעראַטיוון; הויפּטזעכליך איז דאָס אמת צו די פּראָדוקטיוו קאָאָפּעראַטיוון.

## ב. אַמעריקא

די צווייטע קאָאָפּעראַטיווע קאָנווענשאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין סינסינעטי, איז בלי ספק געווען די וויכטיגסטע פּאַסירונג אין דער אַמעריקאַנער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין יאָר 1920. ביי דער קאָנווענשאָן זיינען געווען פאַרטראָטען 62 דעלעגאַטען פון 19 סטייטס, פאַרטרעטענדיג 79 אמת'ע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, וועמעס מיטגלידערשאַפט ציילט 84 טויזענט. ביי דער קאָנווענשאָן זיינען אויך געווען 144 דעלעגאַטען פון טרייד יוניאָנס, וועלכע האָבען איבער צוויי מיליאָן מיטגלידער און פון וועלכע אַ היבשע צאָל זיינען אַקטיוו אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

פון די באַריכטען פון די דעלעגאַטען האָט זיך אַרויסגעציינט, אַז מיר האָבען שוין היינט־צו־טאָג אַרום 3 טויזענט קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, וועמעס יערליכער אומזאַץ ווערט געשאַצט אויף איבער דריי הונדערט מיליאָן דאָלאַר. דער אומזאַץ פאַרדאָפּעלט זיך יעדען יאָר, און מיט'ן וואוקס פון די געשעפטען און מיטגלידערשאַפט וואַקסט אויך צו ביסלאַך דער קאָאָפּעראַטיווער באַוואוסטזיין.

אין אילינאָיז סטייט האָבען זיך די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און אַ דאַנק דעם דאָזיגען אינטערעס געפינען זיך שוין דאָרט איצט 201 ריטייל קאָאָפּעראַטיוון און אַ האָלסייל אין סט. לואיס. דער אומזאַץ פון די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיוון באַטרעפט 3 הונדערט טויזענט דאָלאַר מאָנאַטליך, אָדער 3,600,000 דאָלאַר יערליך.

פון די באַריכטען האָט זיך אויך אַרויסגעציינט, דאָס איבעראַל הייבען די טרייד יוניאָנס אָן צו ווערען טעטיג אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. דער אינטערעס פון קאָאָפּעראַציע וואַקסט פון טאָג־צו־טאָג.

די בעסטע אַרבייט פון דער קאָנווענשאָן איז בלי ספק געווען די אָננעמונג פון דער פאָרגעשלאָגענער קאָנסטיטוציע, וועלכע פאַרוואַנדעלט די קאָאָפּעראַטיווע ליעג פון אַמעריקא אין אַ געזעלשאַפטליכען פאַרבאַנד פון אַלע קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון אין

די פּראַאייניגטע שטאַאטען. מיט דעם איז די ליעג געוואָרען די אָפיציעלע פאַרטרעטערין פון אַלע קאָנסום־קאָאָפּעראַטיווען, און דאַרף הויפּטזעכליך זיך אָפּגעבען מיט אויפקלערונגס־אַרבייט, אָפּהיטען די קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּען, און איינפירען אַן איינהייטליכען קאָאָפּעראַטיווען סיסטעם איבער'ן גאַנצען לאַנד. די קאָאָפּעראַטיווע ליעג פון אַמעריקאַ האָט ענדליך באַקומען דאָס, צו וועלכען די בעסטע אַמעריקאַנער קאָאָפּעראַטאָרס האָבען געשטרעבט — זי איז געוואָרען די פאַרטרעטענדע קערפּערשאַפט פון אַלע אַמעריקאַנער קאָאָפּעראַטיווען. די ליעג עקזיסטירט שוין 4 יאָר צייט, אָבער ביז איצט האָט זי אָפיציעל קיינעם ניט פאַרטראָטען. ביסלעכווייז הייבט אויך אָן אין אַמעריקאַ באַשאַפען צו ווערען אַזאַ זאַך ווי אַ סטאַנדאַרט פאַר קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען.

פון די באַזונדערס וויכטיגע פּאַסירונגען פון יאָר איז אויך ווערט צו דערמאָנען, דאָס מאָרים שעפּאַרד, סענאַטאָר פון טעקסאַס, האָט פאָרגעשלאָגען אַ ביל אין סענאַט, אַז עס זאָל גלייך באַשאַפען ווערען אַ פעדעראַלער געזעץ צו באַשיצען אמת'ע קאָאָפּעראַטיווען אין די פּאַראייניגטע שטאַאטען. אַז מיר נויטיגען זיך שטאַרק אין אַזאַ געזעץ איז גאָר איבעריג צו זאָגען. וואָרים מיר האָבען אין אַמעריקאַ מער „פעיק" קאָאָפּעראַטיווען פון וועלכען־ניט־איז אַנדער לאַנד.

ביי די אידישע קאָאָפּעראַטיווען איז דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר אויך געמאַכט געוואָרען עטליכע ערנסטע פּאַרזוכען צו גרינדען האָלסיילס, קויפען בשותפות, אָפּהאַלטען דיסטריקט קאָנפערענצען א. ד. גל. קיין באַזונדערס גרויסען פּראָגרעס האָבען די אידישע קאָאָפּעראַטיווען דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר ניט געמאַכט. אורזאַך: אַ גרויסע צאָל אידישע קאָאָפּעראַטיווען מאַכען נאָך אַלץ שבת פאַר זיך אַליין. אַן אַלטע מכה אייגענטליך, אָבער זי האָט זיך לעצטענס ווידער אָנגעהויבען שטאַרק צו פיהלען... די אידישע יוניאָנס האָבען אויך אָנגעהויבען צו ווערען טעטיג אויפ'ן קאָאָפּעראַטיווען געביט, אָבער לײדער כאַפּען זיך מאַנכע שוין אַ ביסעל צו ענטוזיאַסטיש צו די קאָאָפּעראַטיווע שעפער — אָבער דאָס איז אַן ערנסטע טעמאַ פאַר אַ צווייטען אַרטיקעל.

די אידישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע לייגט גרויסע האָפנונגען אויף דער קאָאָפּעראַטיווער ליעג פון אַמעריקאַ, וועלכע וועט זיכער טאָן אַלעס מעגליכעס, כדי איר באַהילפיג צו זיין אין איר שווערער און ערנסטער אַרבייט.

# און שטיל איז די נאַכט...

פון י. אדלער

און שטיל איז די נאַכט,
נאָך שטילער אין פעלד.
קוים־קוים וואָס דו הערסט
ווי עס אָטעמט די וועלט.
עס נעמט אין דער לופטען זיך בלויען;
און שטיל איז די נאַכט.
נאָך שטילער ווי פריהער,
עס גיט זיך די שטילקייט
צומאָל נישט קיין ריהר,
קענסט הערען דאָס פאַלען פון טויען...

און שטילער ווערט נאָך.
און שטילער ווערט נאָך...
און האָסטו פון שווייגען
דערגאַנגען דעם תוך
און האָסטו די שטילקייט פאַרנומען,
דאַן הערען וועסטו אין
דער שטילקייט פון נאַכט
ווי ס'אָטעמען קנאָספען
אין זיך נאָך פאַרמאַכט,
וועסט הערען דאָס וואַקסען פון בלומען...

און שטילער ווערט נאָך...
עס בלאָנדזשעט אין לופט
אַ שטילער, אַ קיהלער
אַ קוויקענדער דופט,
די ריחות אין לופטען זיך וויגען —
שאַ, שטיל... וואָס איז דאָס?
פון ערגעץ־וואו שוועבט
אין רוהקייט, אין בלויקייט
און שפּינט זיך און וועבט
אַ האַרציגער אידישער ניגון —

אַ הייליגער ניגון...
אַ ניגון פון חצות
זיך טראָגט פון אַ אידישען
פענסטער אַרויס
און וועקט אויף די בלויקייט, די שטילע.
און ווידער ווערט שטיל,
נאָך שטילער ווי פריהער,
דו הערסט ווי אויף פליגלען
פון רײנסטען זעפיר
עס פליהט צו דעם בורא אַ תפילה...

## פון מאָנאַט צו מאָנאַט

(פאָרטזעצונג פון זייט 4)

די אַ.־ר. ענדליך האָט זיך פאַרענדיגט אַ ריזיגע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט. די אַ.־ר. קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט עפענט איר ערשטע גרויסע אונטערנעמונג אין די בראָנקס — די בעקעריי. גראָד עפענט זי זיך אין אַ צייט, ווען די מענער־שניידער אַרבייטער אין ניו־יאָרק, אונטער דער אָנפירונג פון דער „אַמאַלגאַמייטעד", פאַרטיידיגען זיך מיט אַ מערקווירדיגער אַנטשלאָסענהייט געגען די ווילדע אַטאַקעס פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן. מ'דאַרף נישט זיין קיין צוזאַמענברעכנער פון צוויי געגענזעצטע ווענט צו באַהויפּטען, אַז אַט די נייע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע קען ווערען אַ באַדייטענדע באַזע פאַר די קעמפּפענדע שניידער, פון וואַנען צו קריגען פאַר קאָסט פּרייז גוטע און פרישע געבעקס פאַר די בראַווע קעמפער.

דער אָנהייב איז אַלזאָ געמאַכט געוואָרען, אָבער טאַקע נאָר דער אָנהייב. דער ציל פון דער אַ.־ר. קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט איז אַ גאַנצע נעץ פון קאָאָפּעראַציעס, וואָס זאָלען פּראָדוצירען און פאַרקויפען אַלע וויכטיגע פּראָדוקטען פאַר די מיטגלידער פון אַ.־ר., וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דער געזעלשאַפט. די ערשיינונג איז אַ צו באַדייטענדע, אַז עס זאָלען נאָך אַלץ בלייבען סקעפּטיקער צווישען אונז, וואָס סוועטשען מיט די פּלייצעס. קיין מיטגליד פון אַ.־ר. טאָר נישט בלייבען אויסער דער ריזיגער, און אַזוי פיל פאַרשפּרעכענדער, אונטערנעמונג.

# דער פראָגרעס פון דער מעדיצין

פון ד ר. פ. סאלמאן

איינענטליך האָב איך געוואָלט שרייבען איבער דעם פּראָגרעס פון דער מעדיצין פאַר דעם לעצטען יאָר, אָבער דאָס איז אַ זאַך וואָס איז אוממעגליך. זאָגאר אין דעם פּאָליטישען לעבען פון די פעלקער זיינען רעוואָלוציעס ניט קיין יערליכע ערשיינונגען, און אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט זיינען עפּאָכע־מאַכענדע אנטדעקונגען און ערפינדונגען געוויס ניט פון די גע־וועגליכע זאַכען, וועגען וועלכע מען קען אָפּגעבען אַ יערליכען באַריכט.

איבערהויפּט איז עס ריכטיג וועגען דער מעדיצינישער וויסענשאַפט. וואָרים, צום באַרויערען, מוז מען זאָגען דעם אמת, אַז די מעדיצין — ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס זי איז אַזוי אַלט ווי די מענשהייט זעלבסט — געהט אויף דעם וועג פון פּראָגרעס מיט זעהר לאַנגזאַמע שריט. און די אורזאַך דערפון איז ניט דער מאַנגעל אין גרויסע גייסטער אויף דעם מעדיצינישען געביט, נאָר די גרויסע אומוויסענהייט פון די מאַסען אין יעדער זאַך, וואָס אָנבאַלאַנגט צום קערפּערליכען געזונט.

אין דער צייט, ווען נייע ערפינדונגען אין אַנדערע וויסענשאַפטען — ווי אין אינזשענירונג אָדער אין טעכניק — ווערען אימער אונטערשטיצט געוואָרען פון פּריוואַטע אונטערנעמונגען אָדער דורך רעגירונגס הילף. אין דער זעלבער צייט זיינען מע־דיצינישע ערפינדונגען און אַנטדעקונגען געשטערט געוואָרען פון צו קעמפען געגען יעדער אַלטער און נייער נאַרישער אָבערגלויבונג, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם וועג פון מעדיצינישען פּראָגרעס.

דער פּלאַץ דאָ איז צו באַשרענקט כדי אָנצוצייגען זאָגאר אין אַלגעמיינע שטריכען וועגען דעם אומענדליכען קאַמף פאַר רעפאָרמען, וואָס די מעדיצין האָט אָנגעפירט און פירט נאָך ביז היינטיגען טאָג אָן מיט די דומהייטען און אָבערגלויבונגען פון די מאַסען, כדי איינצופירען אַ נייעם מיטעל, וואָס קען עטוואָס פאַרלייכטערן די ליידען פון דער קראַנקען מענשהייט. עס איז גענוג דאָ צו דערמאָנען נאָר דעם פאָלגענדען פאַקט, אַז זאָגאר אין דער לעצטער נאָוועמבער עלעקשאָן האָבען די דאָקטוירים נעדאַרפט קעמפען, אַז אין דעם סטייט קאַליפאָרניא זאָל דאָס פאָלק נידערשטימען דעם פאָרגעשלאָגענעם געזעץ, וואָס האָט גע־זאָלט פאַרבאָטען צו מאַכען עקספּערימענטען אויף פאַרשידענע חיות פאַר מעדיצינישע צוועקען.

דער דאָזיגער אַמענדמענט איז אַריינגעבראַכט געוואָרען פון דער חברה „צער בעלי חיים"'ניקעס פון אונזער היפּאָקריטישער געזעלשאַפט. דאָס איז די זעלבע באַנדע פון גאָטס סטראַפּ־טשעס און פרומאַקעס, וועלכע האָט דאָ געבראַכט דעם זאָגע־נאַנטען „פּראָהיבישאָן" — וואָרים אין אמת'ן טרינקט מען יעצט מער ווי בעפאָר — און יעצט ווילען זיי אַרויפצווינגען אויף אונז די „בלויע זונטאָגס". אָט די פינסטערלינגען האָבען אונטער דער מאַסקע פון רחמנות געוואָלט צוריקהאַלטען דעם פּראָגרעס פון וויסענשאַפטליכער מעדיצין, אום זיי זאָלען קענען אָנגעהן אומגעשטערט מיט זייערע „קריסטשען סייענס" מעטאָדען: צו היילען קראַנקע דורך פאַרשידענע אָפּשפּרעכונגען, קמעות, תהלים זאָגען, אָדער אַנדערע נאַרישע סגולות. די דאָזיגע רעאַקציאָנערן, אויף וועלכע עס פּאַסט זיך דער אויסדרוק פון נביא: „זובחי אָדם—עגלים ישקון", ד. ה. מענשען שעכטען זיי, און קעלבער קושען זיי;—וואָרים זיי וואָלטען דערשאָסען יעדען ראַדיקאַל—אָט די געזינדעל האָט אויסגעגעבען טויזענטער דאָלאַרס פאַר ליגנערישע אַדווערטייזמענטס וועגען די „גרויזאַמקייטען", מיט וועלכע די פּראָפעסאָרען, דאָקטוירים און סטודענטען מאַטערען געבאַך די אומשולדיגע קעצעלאַך, און הינטעלאַך, און האָבען גע־דרוקט ניט געשטויגענע פאַקטען אין אַזעלכע זשורנאַלען ווי די „ליידיס האָום זשורנאַל" און „די קאָנטרי דזשענטעלמען", אום אַרויסצורופען ביי זייערע קלאַסען לעזער אַ פאַראַכטונג צו דער „באַרבאַרישער" וויסענשאַפט און אַ האַס געגען די, וועלכע באַ־שעפטיגען זיך מיט איר.

צום גליק פון דער וויסענשאַפט און פון דער מענשהייט אין אַלגעמיין איז אָט דער געזעץ נידערגעשטימט געוואָרען דורך די אינטעליגענטערע קלאַסען פון דער קאַליפאָרניער באַפעלקערונג.

איך זאָג „צום גליק פון דער מענשהייט", ווייל ווען דער געזעץ וואָלט דורכגעגאַנגען אין קאַליפאָרניא, זיינען שוין די זעלבע גאָטס סטראַפּטשעס געווען גרייט אָנצופאַנגען דעם זעלבען קאַמף אין דער איסט, און מ'קען זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ שאָדען אַזאַ געזעץ וואָלט געבראַכט. וואָרים דער פאָרשריט פון סאַניטאַרע מיטלען, פון דער מאָדערנער מעדיצין, מיט אַלע איהרע צווייגען, ווי פיזיאָלאָגיע, ביאָלאָגיע א. אַ. וו. די קאָנ־טראָלע איבער עפּידעמישע קראַנקהייטען, פאַרשידענע אָפּעראַ־ציעס, דאָס צוגרייטען פון פאַרשידענע וואַקסינס און סירומס, — מיט איין וואָרט: די גאַנצע געביירע פון באַשיצען דאָס פּוב־ליקום פון קראַנקהייטען איז געבויט אויף די פאַרשידענע עקס־פּערימענטען, וואָס מען מאַכט מיט די חיות אין די וויסענשאַפט־ליכע לאַבּאָראַטאָריעס. און דאָס אַלץ האָט אַ פינסטערע קליקע געוואָלט פאַרניכטען מיט איין שטריך פון אַ געזעצלאָזען געזעץ.

דאָס איז נאָר איינער פון די פיל ביישפּילען, וואָס די מע־דיצין באַגעגענט אַלס שטערונג אויף איהר וועג צום פּראָגרעס.

אין די יאָרען פון דער מלחמה האָט די מעדיצין געמאַכט גרויסע פאָרשריטען אויף דעם געביט פון כירורגיע. מ'האָט דורך אָט דער צייט געמאַכט וואונדערבאַרע אָפּעראַציעס אויף אַזעלכע טיילען פון קערפּער, וואָס מען האָט פריהער גאָר ניט געדענקט צו אָפּערירען אויף זיי אַזוי אָפט ווי יעצט. ווען מען באַטראַכט אָבער ריכטיג דעם פאַרדינסט פון אָט די וואונדערליכע אָפּע־ראַציעס, מוז מען קומען צום באַשלוס, אַז די דאָזיגע ערפינ־דונגען האָבען מער ווערט פון ריינעם וויסענשאַפטליכען פּונקט, ווי אין פּראַקטישען זין; וואָרים, נאָך אַלעמען, קומען פאָר אַזעלכע אָפּעראַציעס גאַנץ ווייניג אין אַלטעגליכען לעבען, און מלחמות זיינען דאָך ניט קיין געוועגליכע ערשיינונגען — אַמ־ווייניגסטען האָבען זיי ניט געדאַרפט זיין.

וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דעם פּראָגרעס פון דער מעדיצין וועגען אַלגעמיינע אינערליכע קראַנקהייטען, קען מען מיט זיכער־הייט זאָגען, אַז די מלחמה האָט ניט נאָר ניט געהאָלפען, נאָר האָט אויך פיל געשטערט אין דער ענטוויקלונג. די אורזאַכען זיינען פאָלגענדע: ערשטענס, זיינען די גרעסטע דענקער אין דער מעדיצין געווען צופיל באַשעפטיגט מיט פּאַטריאָטיזם און מלחמה־פּראַגען, און האָבען זיך ווייניג אָנגעגעבען מיט פאָרשונגס־אַרבייט וועגען קראַנקהייטען, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין די־רעקטע שייכות מיט דער מלחמה. צווייטענס, און דאָס איז פּי־לייכט דאָס וויכטיגסטע, די מעדיצינישע וויסענשאַפט, וואָס איז און דאַרף זיין אינטערנאַציאָנאַל, איז, דורך דער גאָטזעליגער מי־ליטערישער צענזור, איינגעשלאָסען געוואָרען אין די נאַציאָנאַלע גרעניצען, און היילמיטלען, וועלכע זיינען אַנטדעקט געוואָרען אין איין לאַנד, זיינען ניט דערגאַנגען צו אַ צווייטער לאַנד, אום מען זאָל זיי קענען גענויער אויספאָרשען, כדי צו באַשטימען די זיכערקייט און ניצליכקייט פון אַזעלכע מיטלען.

אָט, צום ביישפּיל, האָבען מיר זיך יעצט דערוואוסט דורך דעם ענגלישען זשורנאַליסט וועלס, אַז אין סאָוועט רוסלאַנד האָט אַ דאָקטאָר ערפונדען אַ מיטעל צו טובערקולאָזיס, און דער מיטעל שיינט צו זיין גאַנץ ווירקזאַם. ווען ניט די באַרבאַרישע בלאָקאַדע פון אונזערע „ציוויליזירטע" עליים, וואָלט אָט דער היילמיטעל לאַנג געפּרובירט געוואָרען און פילייכט אויסגעבע־סערט געוואָרען, און ווער ווייס וויפיל לעבענס עס וואָלטען פי־לייכט געראַטעוועט געוואָרען. אָבער אַ דאַנק דער בלאָקאַדע, וואָס האָט פאַר עטליכע יאָר צייט אָנגעהאַלטען ניט נאָר איבער רוס־לאַנד, נאָר אויך איבער דייטשלאַנד און עסטרייך, זיינען די מע־דיצינישע דענקער געווען אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטען, און זאָגאַר די וויסענשאַפטליכע מעדיצינישע זשורנאַלען און ביכער זיינען ניט ערלויבט געוואָרען צו טראַנספּאָרטירט ווערען פון איין לאַנד אין דער צווייטער, אויס מורא אַז די אַנטי־פּאַטריאָטישע מיקראָבען זאָלען זיך ניט אַריבערכאַפּען דעם גרעניץ אָן אַ ווי־זירטען פּאַספּאָרט...

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט די מעדיצין, ווי יערע אַנדערע וויסענשאַפט, געקאָנט ווייניג־וואָס פּראָגרעסירען.

פאַר די לעצטע צוויי יאָר, אָבער, האָט די לאַגע זיך פיל געביטען, און טאַקי צום בעסערן: עס זיינען געמאַכט געוואָרען

# אינזערע שולען פאר׳ן פארגאנגענעם יאר

פון יעקב לעווין

לוים׳ן גזעזע פון אינערציע איז פיל שווערער צו רירען פון ארט, אנצוהייבען צו באוועגען א גרעסערע, א שווערערע זאך. דערפאר אבער—האט מען איינמאל געבראכט אין באוועגונג א שווערע משא, איז שוין שווער זי אפצושטעלען; זי באוועגט זיך שוין ווי פון זיך אליין אלץ ווייטער און ווייטער.

אזוי איז מיט׳ן ארבייטער־רינג. שווער איז געווען די פילקעפיגע און פילפארביגע מיטגלידערשאפט פונ׳ם ארבייטער־רינג צו פאראינטערעסירען אנצוהייבען צו גרינדען אידישע שולען פאר זייערע קינדער. האט זיך אבער דער א.־ר. אלס גאנצער איינמאל אריינגעווארפען אין דער ארבייט, געהט ער שוין, ווי פון זיך אליין, אלץ ווייטער און ווייטער אויפ׳ן וועג פון פארמערען די צאל פון די שולען, פון אויסארבייטען און פאראיינהייטליכען זייער פראגראם, פון שאפען די נייטיגע מכשירים, כדי צו פארלייכטערן און פארפאלקאמען זייער ארבייט, פון העלפען זיי פעסטער אוועקשטעלען זיך אויף די פיס אין מאטעריעלער הינזיכט.

מיט א יאר צוריק, אין יאנואר, איז די צאל שולען, וואס די ארב.־רינג ברענטשעס אין פארשידענע טיילען פון לאנד האבען געעפענט און וואס זיינען געשטאנען אין דירעקטער פארבינדונג מיט׳ן נאציאנאלען בילדונגס־קאמיטעט, געווען ארום 17. איצט, אין א יאר ארום, איז זייער צאל — געגויע 40. און אין א גאנצער ריי שטעט און שטעטלעך האלטען זיך נאך אין עפענען א גאנצע ריי נייע שולען. רער דוחק אין דירות האט זיך שטארק אפגערופען אויף דער פארמערונג פון די שולען. אין ניו־יארק אליין, וואו עס זיינען איצט פאראן זיבען (7) א.־ר. שולען, וואלט זיכער שוין געווען צוויי מאל אזוי פיל, ווען עס וואלט מעגליך געווען צו געפינען פאסענדע דירות. און דאס זעלבע קומט פאר איבער׳ן לאנד.

מיט א יאר צוריק האבען אין אלע ארב.־רינג שולען געלערנט א 1600 קינדער. איצט דערגרייכט די צאל קינדער, וואס געפינען זיך אונטער דער השפעה פון די ארבייטער־רינג שולען, כמעט ביז 4000. אין איינזיגע פלעצער איז נים מעגליך צו פארגרעסערן די צאל פון די קינדער אין די שולען צוליב מאנגעל אין לערער אדער אין פלאץ.

פאראיארען איז פאר די א.־ר. שולען, וואס האבען דעמאלט עקזיסטירט, נאך נים קלאר געווען וואס איינענטליך שטעלט מיט זיך פאר אזא שול און מיט וואס שיידט זי זיך אונטער פון די אנדערע אידישע שולען. קיין פעסטגעשטעלטע פראגראם איז נאך נים געווען, און ווי — אויף וואס פאר א אופן און אין וואס פאר א גייסט צו לערנען איז נאך פאר זיי נים קלאר געווען. דער ערשטער צוזאמענפאר פון די א.־ר. שולען דעם פאריגען מאי האט אין דער הינזיכט זעהר פיל אויפגעטאן: ער האט אויסגעארבייט א פראגראם, א מער אדער ווייניגער גענויע, פאר יעדען פון די פיער יאר לערנען אין דער שול, און האט אין זיינע דיסקוסיעס און רעזאלוציעס אנגעמערקט פאר די לערער דעם וועג, אויף וועלכען זיי דארפען געהן, כדי צו דערגרייכען דעם ציעל, וואס די א.־ר. שולען שטעלען זיך. פילעס איז אין דער הינזיכט נאך נים דערטאן געווארען; א סך זאכען זיינען בלויז אויבערפלעכליך אנגעמערקט געווארען, און דער נעכסטער צוזאמענפאר וועט נאך האבען פיל צו טאן אויף דעם געבים. דאך קאן מען שוין איצט רעדען וועגען די א.־ר. שולען ווי וועגען אן אייגהייטליכען, אויסגעשפראכענעם טיפ וועלטליכע, פרייהייטליכע דערציהונגס־אנשטאלטען, וואו עס הערשט די אידעאלאגיע און די בעסערע אידעאלען פון דעם באוואוסטזיניגען אידישע ארבייטער, און וואו די קינדער זאפען אין זיך ארייין דאס בעסטע און דאס שענסטע פון דער אידישער (און טיילווייז אויך אלגעמיינער) קולטור, וואס איז פאר זיי נאר צוגענגליך.

פאראיארען איז די באציהונג צווישען די שולען אויף די ערטער און דעם בילדונגס־קאמיטעט פון א.־ר. געווען בלויז א צופעליגע: ווען מען האט געדארפט אנקומען צו אים נאך מאטעריעלער שטיצע, האט מען זיך צו אים געווענדט. איז אבער א שול א לענגערע אדער קירצערע צייט געווען אין בעסערע אומשטענדען, האט מען פון א.־ר. נים געהערט. דער בילדונגס־קאמיטעט האט דעריבער נים פיל געוואוסט וועגען דעם, וואס עס טוט זיך אין די שולען, און ער האט דעריבער נים געקאנט זיי אנפירען און ווי געהעריג ווירקען אויף זיי. איצט מוז יעדע שול צושטעלען צום בילדונגס־קאמיטעט יעדען מאנאט א גענויעם באריכט סיי וועגען דעם מאטעריעלען, סיי וועגען דעם גייסטיגען צושטאנד פון דער שול. אלץ, וואס עס טרעפט אין די

---

פארשידענע וויכטיגע אויספארשונגען וועגען פיל אינערליכע קראנקהייטען.

איבערהויפט איז פיל אויסגעפארשט געווארען וועגען די פונקציאנען פון די דריזען (גלענדס). דאס מיינט אבער נים, אז מיר זיינען שוין דערגאנגען אזוי ווייט, אז מיר קענען שוין מאכען פון אלט—יונג, ווי מען האט אייך פארזיכערט יעדען מאל אין דער סענסאציאנעלער פרעסע — דאס נים; אבער, אז מען ווייס יעצט מעהר וועגען די וויכטיגע ראלע, וואס אט די דריזען שפילען אין דעם מענשליכען קערפער, וועגען דעם איז קיין פראגע נישט.

אין אלגעמיין, קאן מען זאגען, האט די מאדערנע מעדיצין פיל אויפגעטאן אויף דעם געבים פון דיאגנאזים (ווי צו דערקענען די קראנקהייט). זי לערנט אונז, אז כדי צו שטעלען דעם ריכטיגען דיאגנאז —איבערהויפט אין כראנישע און פארבארגענע קראנקהייטען — איז נים גענוג פאר דעם דאקטאר א טאפ צו טאן דעם פולס און זעהן דעם צונג פון דעם פאציענט, נאר אז מען מוז די קראנקהייט גוט שטודירען פון פארשידענע פונקטען און דורך פיל פיזישע און לאבאראטארישע אונטערזוכונגען קאן מען ערשט קומען צום באשלוס וואס די קראנקהייט איז.

אבער דער וויכטיגער פארשריט, וואס די מעדיצין האט געמאכט פאר דער לעצטער צייט, איז די נייגונג פון דער פראפעסיע צו שטודירען די קראנקהייטען פון דעם סאציאל־עקאנאמישען שטאנדפונקט — א זאך, אויף וועלכער עס איז זעהר ווייניג אויפמערקזאמקייט געשענקט געווארען אין די פאריגע יארען. און זאל דא גלייך געזאגט ווערען, אז אט די ווענדונג אין דער מעדיצין איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאר דער צוקונפט פון דער מענשהייט. ווארים, נאך אלעמען, איז פיל לייכטער צו פארהיטען צען געזונטע מענשען זאלען נים קראנק ווערען, איידער אויסצוהיילען איין קראנקען. און ביי פארשענדיג די אורזאכען פון פיל קראנקהייטען פון דעם סאציאלען שטאנדפונקט, באווייזט אונז די וויסענשאפט, אז פיל פון די קראנקהייטען, מיט וועלכע די מענשהייט פלאגט זיך יעצט, האבען געקענט אויסגעמיטען ווערען, ווען די סאציאלע און עקאנאמישע באדינגונגען פון דער מענשהייט וואלטען געווען אין א פיל בעסערן צושטאנד ווי זיי זיינען יעצט.

אין דעם קורצען ארטיקעל איז אוממעגליך צו געבען די איינצעלהייטען וועגען די פארשידענע קראנקהייטען וואס קענען גאנץ לייכט אויסגעמיטען ווערען און די מיטלען, וועלכע דארפען דערצו באנוצט ווערען. איין זאך איז זיכער, אז ווען אונזער געזעלשאפט וואלט ריכטיג געזארגט וועגען דעם געזונדהייטס־צושטאנד פון אירע מיטגלידער, וואלט מען נים באדארפט ספענדען אזוי פיל געלט אויף האספיטעלער און סאניטאריומס, און דער פארדינסט אין פארגרעסערטער פראדוקציע וואלט געווארען אומגעהייער גרויס.

מיר האפען דארום, אז די מעדיצין וועט פיל פארגרעסירען אין אט דער ריכטונג פון „פריווענטאטיוו מעדיצין" און דער דאקטאר, אין דער צוקונפטיגער סאציאליסטישער געזעלשאפט, וועט, אנשטאט היילען קראנקע, דינען אלס לערער און וועגווייזער פאר זיינע מיטמענשען, כדי אויסצוהיטען זיי פון קראנקהייטען; און ווען די מענשהייט וועט זיין געזינטער קערפערליך און גייסטליך, וועט די וועלט ווערען שענער און בעסער ווי זי איז איצט.

שולען, יעדע ענדערונג צום גוטען אדער שלעכטען, ווערט באלד באקאנט פאר'ן בילדונגס־קאמיטעט; און ער זעהט צו רעאגירען אויף די שולען — צו פארלייכטערן זייער עקזיסטענץ, אויסצוגלייכען די סכסוכים, וואס טרעפען זיך ביי זיי, אנווייזען אויף זייערע פעלערן, רעקאמענדירען, ווי זיי צו פארריכטען. איצט, קאן מען זאגען, פירט דער בילדונגס־קאמיטעט פאקטיש אן אין א גרויסער מאס די א.־ר. שולען.

די גאנצע שול־ארבייט פירט דער בילדונגס־קאמיטעט אן מיט דער הילף פון א ספעציעלער שול־קאמיסיע, וואס ער האט באשטימט לויט דער רעקאמענדאציע פונ'ם לעצטען שול־צוזאמענפאר. די קאמיסיע באשטעהט פון פינף פערזאן, וואס האבען שוין א לאנגע צייט געהאט צו טאן מיט שול־ארבייט. אלע זאכען, וואס ווערען געטאן אויף דעם שול־געביט, ווערען פריהער פארהאנדעלט אין דער שול־קאמיסיע, און אירע רעקאמענדאציעס קומען דערנאך צום בילדונגס־קאמיטעט צום פארהאנדלען און באשליסען.

איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאבען פון דער שול־קאמיסיע איז צו רעקאמענדירען לערער פאר די שולען. דער געוואלדיגער דוחק אין לערער, וואס האט עקזיסטירט פאראיארען, איז א דאנק דער ארבייט פון דער שול־קאמיסיע פיל אפגעשוואכט געווארען. די קאמיסיע האט ניט געשאפען קיין נייע לערער, זי האט אבער איינגעארדענט א סיסטעם, וועלכע גיט איר די מעגליכקייט אויסצוגעפינען די פערזאנען, וואס פאסען זיך שוין איצט צו ווערען לערער. די קאמיסיע איז פארוואנדעלט געווארען אין א ביורא, וואוהין עס קומען אן נאכפראגען אויף לערער מצד אונזערע שולען, און אן אנבאט מצד די קינפטיגע לערער. די שול־קאמיסיע נעמט אויף זייערע אפליקאציעס, קוקט איבער זייערע שריפטליכע ארבייטען, שמועסט זיך מיט זיי גענוי דורך און געפינט אויס וועגען זייער בילדונג, אנטוויקלונג און זייער צוגעפאסטקייט צו דעם גייסט פון אונזערע שולען; גיט זיי פראבע־לעקציעס — ווייניגסטענס צוויי — אין די עקזיסטירענדע א.־ר. שולען; רעקאמענדירט זיי ביכער צו לייענען אויף די געביטען, וואו עס פעלען זיי געוויסע נויטיגע ידיעות. אויף אזא אופן זוכט די קאמיסיע אויס די לערער פון צווישען די אפליקאנטען; זי שטעלט זיי ארויף אויף „איר צעטעל", האבענדיג א גענויען באגריף וועגען יעדען פון זיי, אויף וויפיל מען קאן אים אנטרויען די פירונג פון א גאנצער שול, אדער נאר פון קלאסען דערווייל, אונטער דער איפזויכט פון א צווייטען ערפארענען לערער. לעצטענס זיינען געקומען אייניגע אידישע לערער פון פוילען, און א סך פון זיי האבען זיך גלייך געווענדט צום בילדונגס־קאמיטעט מיט אפליקאציעס. די טעטיגקייט אויף דעם געביט האט, ווי געזאגט, פיל אפגעשוואכט דעם דוחק אויף לערער, און איצט טרעפט כמעט ניט, אז אן א.־ר. שול זאל זיך ניט עפענען, ווייל עס איז ניטא קיין לערער פאר איר, ווי עס פלעגט אפט פארקומען פאראיארען.

די שול־קאמיסיע זעהט צו קומען צו הילף די שולען מיט פארשידענע אנווייזונגען. זי שיקט־צו צו די שולען פאר יעדען יום־טוב א צעטעל פון זאכען, וואס מען קאן מיט די קינדער לייענען און זינגען און וואס די קינדער קענען צוגרייטען צו דעקלאמירען; זי האט אויסגעארבייט פארשידענע קארטלעך, וואס זיינען נויטיג אין יעדער שול; דער בילד.־קאמ. האט זיי געלאזט אפדרוקען, און איצט קאן יעדע שול, אפילו די קלענסטע, זיך איינשאפען די אלע קארטלעך פאר א גאנץ קליינער סומע. די שול־קאמיסיע האט אויך געלאזט אפדרוקען העפטען מיט א געוויסער ברייט ליניעס צום שרייבען און מיט ספעציעלע שער־בלעטער. לעצטענס האט די שול־קאמיסיע רעקאמענדירט דעם בילד.־קאמיטעט, ער זאל אויפפאדערן אלע ארב.־רינג שולען איינצוארדנען א ספעציעלע וואך צו זאמלען הילף פאר די אידישע שולען אין ליטע און פוילען. די וואך איז באשטימט געווארען פון 25טען דעצעמבער ביז'ן 2טע'ן יאנואר.

איינע פון די וויכטיגסטע פאסירונגען אין אונזער שול־באוועגונג איז דער לעצטער באשלוס פונ'ם בילדונגס־קאמיטעט ארויסצוגעבען א זשורנאל פאר קינדער. לויט דער רעקאמענדאציע פונ'ם שול־צוזאמענפאר האט די שול־קאמיסיע א געוויסע צייט אנגעפירט פארהאנדלונגען מיט די שלום־עליכם פאלקס־שולען פון בראנקס וועגען פאראייניגען זיך אויפ'ן געביט פון ארויסגעבען א קינדער־זשורנאל, ווייל זיי האבען שוין א געוויסע צייט אזא זשורנאל ארויסגעגעבען. די פארהאנדלונגען אבער האבען ניט געבראכט קיין געווינשטע רעזולטאטען. די א.־ר. פארוואלטונג האט ניט מסכים געווען צו אזא פאראייניגונג; און דער בילד.־קאמיטעט האט, איינזעהענדיג די גוואלדיגע נויטווענדיגקייט פון א זשורנאל פאר די קינדער פון אונזערע שולען, באשלאסען ארויסצוגעבען אזא זשורנאל זעלבסטשטענדיג.

דער זשורנאל וועט הייסען „קינדערלאנד"; עס זיינען צוגעצויגען געווארען מיטצוארבייטען אין אים די בעסטע ליטערארישע קרעפטען, וואס זיינען פאראן אויף דער אידישער גאס. די רעדאקציע פון זשורנאל וועט זיך געפינען אין הענט פון פערזאנען, וואס זיינען גוט באקאנט מיט די באדערפענישען פון אונזערע קינדער אין הינזיכט פון לעזען. די פראגראם פון זשורנאל איז, ווי זי איז אויסגעארבייט געווארען, א רייכע און א ברייטע. דער זשורנאל וועט זיך סטארען צו געבען אונזערע קינדער דעם שענסטען און בעסטען לעז־מאטעריאל און אויף אזא אופן פארשענערן זייער געשמאק, פארהעכערן זייער מאראלישען „איך" און צובינדען זיי צום אידישען ווארט. עס איז צו האפען, אז אלע מיטגלידער פון ארבייטער־רינג, וואס האבען קינדער, וועלען זיך אבאנירען אויף דעם „קינדערלאנד" און אויף אזא אופן פארשאפען פיל פארגעניגען זייערע קינדער און געבען דעם זשורנאל א מעגליכקייט צו וואקסען און אנטוויקלען זיך.

די פארוואלטונג פון די א.־ר. שולען איז אויך געווארען איינהייטליכער און פעסטער. סכסוכים צווישען די שול־פארוואלטונגען און די ארטיגע ארגאניזאציאנס־קאמיטעטען, ווי אויך צווישען די פארוואלטונגען און די לערער זיינען דאס יאר געוועזען זעהר זעלטען און זיינען אומעטום אויסגעגליכען געווארען אזוי, אז די שולען זאלען ניט ליידען און זאלען קענען אומגעשטערט אנטוויקלען זיך.

די פינאנציעלע לאגע פון די שולען האט זיך פאר דעם יאר אויך פארבעסערט. ערשטענס, איז פארגרעסערט געווארען דער אלגעמיינער שול־טעקס, און צווייטענס, האבען אין א סך שטעט די ברענטשעס דורכגעפירט א ספעציעלען ארטיגען טעקס פאר די שולען. אזוי האט פילאדעלפיע דורכגעפירט א טעקס פון 15 סענט פער קווארטאל, באלטימאר פון 25, און שיקאגא פון 50. אזא טעקס האבען אויך דורכגעפירט די ברענטשעס פון ניו־הייווען און טאראנטא.

אין ניו־יארק איז די פינאנציעלע לאגע פון די שולען היי־יאר, און באזונדערס דעם זומער, געוועזען ניט קיין גלענצענדע צוליב דעם, וואס זעהר א גרויסע צאל קינדער איז דאס יאר ארויסגעפארען אויף זומער־וואוינונגען און זייער צאל אין די שולען איז געווען א קליינע. כדי צו פארבעסערן די פינאנציעלע לאגע פון די שולען אין ניו־יארק, האט א קאנפערענץ פון די ניו־יארקער ברענטשעס באשלאסען צו רעקאמענדירען אלע ברענטשעס ארויפצולייגען אויף זייערע מיטגלידער אן ארטיגען טעקס פון 5 סענט א קווארטאל. ביז איצט איז די צאל ברענטשעס אין ניו־יארק, וואס האבען אזא טעקס דורכגעפירט, ניט קיין איבעריגס גרויסע — אינגאנצען א 50. אבער עס איז זיכער אז אין א קורצער צייט ארום וועלען אויך די איבעריגע ברענטשעס דעם טעקס דורכפירען, וואס עס וועט אויך ניו־יארקער שולען אוועקשטעלען פינאנציעל אויף א פיל זיכערערן באדען.

עס זיינען נאך פאראן א סך זאכען, וואס מען וואלט זעהר נויטיג נאך געדארפט דורכפירען פאר דעם ערפאלג און דער אנטוויקלונג פון דער א.־ר. שול־באוועגונג, און וואס זיינען דערווייל נאך ניט דורכגעפירט געווארען. אזוי האט היי־יאר דער א.ר. ניט געגרינדעט קיין לערער־קורסען; עס איז ניט ארויס קיין שריפט פאר לערער; עס איז נאך ניט איינגעשטעלט געווארען דער נויטיגער קאנטראל איבער די שולען און ד. ג. אבער עס איז צו האפען, אז מיט דער צייט וועלען נאך א היבש ביסעל זאכען, אין וועלכע די א.־ר. שולען נויטיגען זיך גוואלדיג, און וואס פעלען נאך איצט, איינגעפירט ווערען, און די א.־ר. שול־באוועגונג וועט ברייטער ווערען, די שולען וועלען נאך פעסטער ווערען און וועלען נאך זיכערער געהן אויף דעם וועג פון זייער אנטוויקלונג.

---

די פוילישע רעגירונג איז גרייט אנצוקלעפען צוריק אלע אידישע אפגעשניטענע בערד אבי אפצוזופען א הלואה'לע פון עטליכע מיליאנטשיקלאך אין אמעריקא.

* * *

פראדוקטען זיינען שוין געפאלען אויף 5 פראצענט אין פרייז און עס מעגען שוין אונזערע מאנופעקטשורערס רייסען 25 פראצענט פון אונזער לוין און נייע פאסען פון אונזער לייב . . .

אויב איר זייט אים אן אמת'ער גוטער פריינד, פארוואס זעהט איר נישט, אז ער זאל זיך פארזיכערן פאר דער צייט פון נויט און אומגליק — און אריין אין ארבייטער־רינג?

* * *

אויב איר זייט נישט א „שערהאלדער" פון גערי'ס שטאל־טראסט און אפילו נישט פון ראקעפעלער'ס איל־טראסט, קויפט כאטש א „שער" אין דער א.ר. קאאפעראטיווע . . .

# אין פולען גאנג

פון ה. גראף

צו דער ערעפענונג פון דער ארבייטער רינג קאאפעראטיווע בעקעריי.

ווען איר וועט האלטען דעם נומער „פריינד" אין אייער האנט, וועט שוין די ארבייטער־רינג קאאפעראטיווע בעקעריי זיין ערעפענט. ברויט מיט'ן ארבייטער־רינג קא־אפעראטיווען לייבעל וועט שוין געבאקען ווערען אונטער די בעסטע סאניטארישע באדינגונגען און פארקויפט ווע־רען צו א מעגליכען מעסיגען פרייז, אין פארשידענע גע־גענדען פון ניו־יארק.

אבוואהל מיט דער ערשטער אונטערנעמונג וועלען מיר קענען גרייכען בלויז א באשרענקטע צאהל מיטגלידער אלס דירעקטע קאנסומער, גלויבען מיר פונדעסטוועגען, אז יעדער ארבייטער־רינג מעמבער, ביי וועמען דער ארביי־טער־רינג איז עפעס מער ווי א סאסייעטי — ביי וועמען דער ארבייטער־רינג איז א לעבעדיגע געזעלשאפט, וואס דארף נעמען אן אנטייל אין אלע באוועגונגען וואס זיינען געצילט־צו פארבעסערן די לאגע פון די ארבייטער־מאסען, וועט מיט דעם גרעסטען אינטערעס נאכפאלגען די רעזול־טאטען פון דעם ערשטען ארבייטער־רינג קאאפעראטיווען עקספערימענט אויף דעם פראדוקציאנס־ און קאנסום־געביט.

דער ערפאלג פון דער ארבייטער־רינג קאאפעראטי־ווער בעקעריי איז אפהענגיג פון דער באציהונג פון די מעמבערס צו זייער אונטערנעמונג. פון דער לאיאליטעט פון די ארבייטער־רינג מעמבערס, וואס זיי וועלען ארויס־ציינען ניט נאר ביים קויפען די ברויט און אנדערע גע־בעקס, נאר אויך אויף וויפיל זיי וועלען נעמען אן אלגע־מיינעם אינטערעס אין דער אונטערנעמונג.

צוויי יאר שווערע ארבייט, אין וועלכע א געוויסע צאהל מעמבערס האבען ביינגעשטייערט א מאסע ענערגיע און ניט ווייניג אויפאפערונג, איז דער בעסטער ארגומענט, אז אידעאליזם פעהלט ניט אין די ארבייטער־רינג רייהען, עס פעהלען אויך ניט די פראקטישע מענשען און הויפט־זעכליך די פארטרויענסווערטע פערזאנען, אהן וועלכע א קאאפעראטיווע אונטערנעמונג קען זיך ניט באגעהן. דורך די טעטיגקייטען פון ארבייטער־רינג זיינען אויסגעארבייט געווארען דער נויטיגער עלעמענט פאר קאאפעראטיווע ארבייט. זאלען נאר די מעמבערס אין אלגעמיין געבען די נויטיגע מיטלען און אונזער ערפאלג איז געזיכערט.

מיר וועלען זיך געוויס ניט אפשטעלען ביי איין בע־קעריי און מיר וועלען זיך געוויס ניט אפשטעלען בלויז אויף בעקערייען. שוין יעצט באטראכט די באארד אף דירעקטארס א פלאן וועגען טיי, קאפע און קאקא, געפאקט אונטער דעם זעלבען ארבייטער־רינג קאאפעראטיווען ליי־בעל. מיט אט דיספעציעלע „בראנדס" וועט די ארבייטער־רינג קאאפ. טעטיגקייט קענען פארבונדען ווערען מיט יעדער שטאט, וואו עס געפינט זיך אן ארבייטער־רינג בראנטש אדער מעמבער. עס זיינען פאראן אויך אנדערע פראדוקטען, מיט וועלכע מע קען טאן דאס זעלבע.

דער רוף פון דער ארבייטער־רינג קאאפעראטיווע ביי דעם יעצטיגען מאמענט, אין דער צייט ווען דער ווינקעלשטיין איז שוין געלעגט געווארען, איז א רוף צו אלע מעמבערס, וואו זיי געפינען זיך נאר. יעדער מעמבער מוז האבען א חלק אין שאפען דעם נויטיגען קאאפעראטיווען קאפיטאל. דער פאנד, מיט וועל־כען די בעקעריי איז אנגעפאנגען, איז נאך ווייט ניט גענוג. עס איז נאך דא א היבש ביסעל שערס פון די ערשטע פופציג טוי־זענט דאלאר אינקארפארירטע קאפיטאל. די געלט איז נויטיג אויף צו קאנען קויפען אלע פראדוקטען פאר קעש. דאס וועט אונזער אונטערנעמונג מאכען ערפאלגרייך. זאל יעדער מעמ־בער, וואס קען קויפען צען שערס, צושיקען זיין ארדער, און זאל דער, וועלכער קען קויפען בלויז איין שער פאר 5 דאלאר, זיך צואיילען מיט זיין סובסקריפשאן. יעדער דאלאר איז יעצט א ציגעל אין דער געביידע — צעמענט פאר דעם בנין — א טאט פון בויען א גרויסע, מעכטיגע באוועגונג.

זאל אונזער ארויסטריט אויף דעם נייעם קאאפעראטיווען געביט געקרוינט ווערען נים מיט קיין ערגערען ערפאלג ווי אונ־זערע אנדערע טעטיגקייטען. זאלען וואס מער בראנטשעס און וואס מער מעמבערס פארקערפערן זייער וואונש פאר ערפאלג מיט ממשות'דיגע פאקטען, ווערענדיג שערהאלדערס, און די אר־בייטער־רינג קאאפעראטיווע בעקעריי וועט ווירקליך ווערען א גוטער ביישפיל און א שענער מוסטער פאר אמת'ע קאאפעראציע, וואס וועט פארשטארקען די רייהען פון קאמף פאר א בעסערער וועלט און א שענערער צוקונפט.



ארבייטער־רינג קאאפעראטיווע בעקעריי, בראנקס, נ. י.

דער ערשטער פארזוך, אין דער גרויסער ניו־יארק, פון די ארבייטער־רינג בראנטשעס צו פארשפרייטען א נעץ פון קאאפעראטיווען אין אלע ווינקעלעך פון דער גרויסער פראלעטאר־ריער־שטאט.

---

גיט אייער קינד א שיינע ניי־יארס מתנה און שרייבט אים אויס דאס „קינדערלאנד" פאר א יאר צייט.

* * *

אומגעזעצליכע בענעפיטען זיינען א צווייפאכער איבעל: ניש נאר פארלעצען זיי דעם יסוד פון דעם געגענזייטיגען פאנד, נאר אויך דעם יסוד פון מאראל און ערליכקייט אין אונזער ארגאניזאציע . . .

# באַריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפענט דעם 3טען אָקטאָבער, אום 10 אוהר פריה, פון דעם טשערמאַן, פריינד ישורין.

## צושריפטען

פון פריינד דוש. פּאָדניק, פון בר. 149 — שרייבט, אַז ער נעמט אָן די נאָמינאַציע אויסצופילען דעם וואַקאַנס אין דער הויז־קאָמיטע. פר. פּאָדניק ווערט ערוועהלט אין דער קאָמיטע.

פון די וואַירקערס דרעסענס יוניאָן — שיקען צו אַ רעסיט און אַ דאַנקס־בריעף פאַר די 400 דאָלאַר, וואָס איז בעוויליגט געוואָרען פאַר זייער דרעסענס־אַרבייט.

פון די צענטראַלע אַרבייטער קערפערשאַפט קאָנפערענץ פאַר אַמנעסטיע — זיי שיקען צוריק דעם טשעק אויף 400 דאָלאַר, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דעם 2000 דאָלאַר פאָנד, וואָס די קאַנווענשאַן האָט פאַר דעם צוועק באַשטימט. זיי שרייבען, אַז זיי פיהלען זיך געקרענקט, וואָס זיי האָבען געקראָגען בלויז אַזאַ טייל פון די צוויי טויזענד דאָלאַר. עס ווערט באַשלאָסען די 400 דאָלאַר איבערצוגעבען פאַר דער אַמנעסטיע באַוועגונג פון דער סאָצ. פּאַרטיי.

פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — דאַנקען הערצליך פאַר דער שטיצע, וואָס דער אַרבייטער רינג גיט זיי די גאַנצע צייט, און הויפּטזעכליך די לעצטע צייט פון דער רעאַקציע, און אין דעם קאַמפּיין. אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג פאַר אונזער אַרבייט, שיקען זיי צו אַ הערליך בילד פון דעבס. זיי שיקען אויך צו אַ רעסיט פאַר די $1,068.90 (1000 דאָלאַר וואָס עס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זיי פאַר אַמנעסטיע און $68.90 וואָס איז אַריינגעקומען פון אונזערע ברענטשעס פאַר דער פּאַרטיי).

פון בר. 845 — זיי פרעגען וואָרום די סיטי עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע האָט אַרויסגעשיקט נאָך אַ 5 סענט טעקס, ניט וואַרטענדיג ביז די קאָנווענשאָן וועט האַנדלען וועגען העכערען דעם טעקס פאַר די קינדער־שולען. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז דאָס איז בלויז אַ לאָקאַלער טעקס פאַר ניו־יאָרק, און האָט גאָר ניט צו טאָן מיט די ברענטשעס פון די איבעריגע שטעדט, און אַז די ברענטשעס פון ניו־יאָרק, וועלכע וועלען שטימען געגען דעם טעקס, וועלען ניט זיין פאַרפליכטעט דעם טעקס צו צאָהלען.

פון דער נאַציאָנאַלער באָארד און דירעקטאָרען — לאָזען וויסען וועגען די ענטשיידונגען פון אַפּיעלס ווי פאָלגט:

1) אַפּיעל פון פריינד יאַמפּאָלסקי, בר. 192, געגען דער גריוועַנס קאָמיטע — צוריקגעוויזען.

2) אַפּיעל פון פר. שלאַכטער, בר. 79, געגען דער גריוועַנס קאָמיטע — צוריקגעוויזען.

4) אַפּיעל פון בר. 395 געגען דער גריוועַנס קאָמיטע. — דער אַפּיעל איז ניט אויפגענומען געוואָרען, ווייל ער איז אָנגעקומען צום סעקרעטער פון דער נאַצ. ב. א. ד. נאָך די 30 טעג וואָס איז ערלויבט צו אַפּעלירען לויט אונזער קאָנסטיטוציע.

5) אַפּיעל פון פר. מ. מאָהל געגען דער גריוועַנס קאָמיטע פאַר פאַרלייכטערען די שטראָף פון אַ מעמבער פון בר. 184. — אַפּיעל גוטגעהייסען, און דער באַשלוס פון דער גריוועַנס קאָמיטע איז צוריקגעוויזען געוואָרען.

6) אַפּיעל פון די געוועזענע מעמבערס פון בר. 192 געגען דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו פאַר צונעהמען פון זיי דעם טשאַרטער. — אַפּיעל צוריקגעוויזען.

7) אַפּיעל פון אַ מעמבער פון בר. 369 געגען דער סאַניטאַריום קאָמיטע אין ענטזאָגען איהם אַריינצונעהמען אין סאַניטאַריום, איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער נאַציאָנאַלער גריוועַנס קאָמיטע.

8) לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער לעצטער קאָנווענשאַן, איז ווידער פאַרהאַנדעלט געוואָרען דער אַפּיעל פון בר. 6 געגען דער גריוועַנס קאָמיטע, און די נ. ב. א. ד. האָבען באַשלאָסען, אַז די שטראָף פון זייער מיטגליעד זאָל זיין דאָס ער זאָל פאַרבלייבען די קומענדיגע 5 יאָהר צייט אַ מעמבער עט לאַרדזש.

זיי אינפאָרמירען אויך, אַז דער קומענדיגער מיטינג פון דער נ. ב. א. ד. וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 30טען און 31טען דעצעמבער און דעם 1טען יאַנואַר 1921.

פון לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע — שרייבען, אַז ביי דער לעצטער קאָנפערענץ איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער אַרבייטער רינג אין קאַליפאָרניא זאָל שאַפען מיטלען אויפצובויען אַ געביידע אויף די גראָונדס פון לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, און פאַרלאַנגען פון דזשענעראַל אָפיס אַרויסצושיקען אַ ספּעציעלען אַפּיעל צו די ברענטשעס וועגען דער פראַגע. עס ווערט באַשלאָסען זיי נאָכאַמאָל צו שרייבען, אַז מיר שיקען ניט אַרויס קיין אַפּיעלס פאַר אַנדערע אינסטיטוציעס, נאָר מיר וועלען אינדאָרסירען זייערען אַן אַפּיעל. די לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע בעט אויך אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל דעם קומענדען סאַניטאַריום־טאָג באַשטימען פאַר די בענעפיט פון ביזען בילדינג פאָנד. עס ווערט באַשלאָסען די דאָזיגע פראַגע איבערצוגעבען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פון בר. 386 — לאָדען איין 2 פאַרטרעטער צו זייער 5־יעהריגען יובילעאום, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 10טען אָקטאָבער. ערוועהלט פר. הערמאַן און עבעריל.

פון פר. י. קופערמאַן, פון בר. 72 — רעזיגנירט אַלס מיטגליעד פון דער הויז־קאָמיטע, ווייל זיינע פּריוואַטע אַנגעלעגענהייטען שטערען איהם צו טענדען צו דער קאָמיטע. זיין רעזיגנאַציאָן ווערט אָנגענומען. אויף זיין פּלאַץ ווערען נאָמינירט פר. אַשפּיז און דוש. ראָטהמאַן.

פון בר. 575 — לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו זייער 5־יעהריגען יובילעאום. ערוועהלט פר. שפּייער און מאַלאַט.

פו דער פעדעראַציע פון אידישע קאָאָפּעראַטיוועס — שיקען צו אַ ביל פאַר די 10 דאָלאַר פאַר דיופ פאַר אונזער מיטגליעדערשאַפט. עס ווערט באַשלאָסען אויסצוצאָהלען.

## קאָמיטע

פון בר. 465 — לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו זייער 10־יעהריגען יובילעאום, דעם 14טען נאָוועמבער. באַשלאָסען אָנצונעהמען די איינלאַדונג, און ערוועהלען פאַרטרעטער ביים נעקסטען מיטינג.

## באַריכטען

פר. ליטאוער באַריכטעט, אַז פר. יודיטש און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער לייבאָר ליעג קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין וואָוסטער, מאַסס. דער גייסט פון דער קאָנווענשאָן איז געווען זעהר אַ געהויבענער. עס איז געווען צו זעהן פון די באַריכטען און פון די דיסקוסיעס ביי דער קאָנווענשאָן, אַז דער לייבאָר ליעג פאַרנעמט זיך מיט וויכטיגע געזעלשאַפטליכע פּראָבלעמען, און זיי נעמען אַ שטעלונג אין יעדער וויכטיגער פראַגע. דער עלעמענט פון לייבאָר ליעג איז זעהר אַ סימפּאַטישער און וואָלט זיכער געווען ווינשענסווערט און פּאַסענד פאַר'ן אַרבייטער רינג. אין אַלגעמיין האָט די קאָנווענשאָן אויף איהם געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק, און ער וועט אַ לאַנגע צייט געדענקען די אַרט און ווייזע ווי פראַגען ווערען דאָרט פאַרהאַנדעלט און דעבאַטירט. די מיטגליעדער פון לייבאָר ליעג וואַרטען מיט אונגעדולד אויף דעם מאָמענט ווען זיי וועלען זיך קענען אָנשליסען אָן אַ. ר. און ווערען אַ גליעד פון אונזער גרויסער משפחה. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. נעכאַמקין באַריכטעט, אַז פר. הערמאַן און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי בר. 280 אין באַצוג צו ענדערען דעם נאָמען פון ברענטש. עס איז דאַמאָלס געווען אַ ספּעציעלער מיטינג צו פאַרהאַנדלען די פראַגע, און עס זיינען אַנוועזענד געווען 84 מיטגליעער. נאָכדעם ווי די פראַגע איז דיסקוטירט געוואָרען, איז די אָפּשטימונג געווען ווי פאָלגט: 50 האָבען געשטימט פאַר ענדערען דעם נאָמען און 8 האָבען געשטימט געגען. 26 האָבען זיך צוריקגעהאַלטען פון שטימען. זיין איינדרוק איז, אַז אַ גרויסער טייל פון די מיטגליעדער איז געגען ענדערען דעם נאָמען פון ברענטש, נאָר פיעלע האָבען זיך צוריקגעהאַלטען פון שטימען, ניט וועלענדיג זיך איינרייסען מיט דער מאַיאָריטעט. זיי רעקאָמענדירען, אַז עס זאָל ניט ערלויבט ווערען דעם נאָמען פון ברענטש צו ענדערען, כדי אויסצומיידען רייסערייען. פר. הערמאַן באַשטעטיגט דעם רעפּאָרט, און זייער רעקאָמענדאַציע ווערט גוטגעהייסען.

פר. עבעריל באַריכטעט, אַז פר. ראָזענבלאַט און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנווענשאָן פון דער פעדעראַציע פון די אידישע קאָאָפּעראַטיוועס אין אַמעריקא. עס זיינען געווען 69 דעלעגאַטען, וועלכע האָבען פאַרטראָטען 37 אָרגאַניזאַציעס. צווישען זיי זיינען געווען פאַרטרעטער פון 8 צענטראַלע קערפּערשאַפטען. פון די באַריכטען האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער לייבאָר ליעג און זיינע מעמבערס זיינען זעהר אַקטיוו אויף דעם געביעט פון קאָאָפּעראַציע. איין דעלעגאַט האָט איבערגעגעבען אַזאַ פאַל: אין ספּרינגפיעלד, מאַסס., האָט געזאָלט געגרינדעט ווערען אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. צוויי יונגע לייט, בעקער באַסעס, האָבען זיך געווענדעט צום לייבאָר ליעג און ערקלערט, אַז זיי זיינען ווילליג אַריינצולעגען אין דער קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעהמונג אַזוי פיעל געלד וויפיעל עס וועט זיין נויטיג, נאָר זיי זאָלען זיין די פאַרוואַלטער פון דער בעקעריי. דער לייבאָר ליעג, וויסענדיג דעם כאַראַקטער און די פאָדערונגען פון אַ קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעהמונג, האָט דעם דאָזיגען פאָרשלאַג פון די 2 יונגע לייט צוריקגעוויזען. די זעלבע 2 בעקער באַסעס האָבען זיך נאָכהער געווענדעט צום אינדעפּענדענט אַרבייטער רינג, וועלכער האָט זייער פאָרשלאַג יאָ אָנגענומען.

ביי דער קאָנווענשאָן זיינען אָנגענומען געוואָרען אַ געוויסע רייהע רעזאָלוציעס וועגען קאָאָפּעראַטיווע און געזעלשאַפטליכע פראַגען. עס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען פּלענער פאַר ווייטערדיגער טעטיגקייט. ביי דער קאָנווענשאָן איז געווען קענטיג, אַז דער אַרבייטער רינג איז אַ וויכטיגער פאַקטאָר און שפּיעלט אַ באַדייטענדע ראָלע אין דעם לעבען און אין דער ענטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין לאַנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. הייפערלינג באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביים מעמאָריאַל מיטינג פאַר פּראָפעסאָר פריעדלאַנדער און דר. קאַנטאָר. די רעדנער האָבען אויסגעדריקט טרויער נאָך דעם טויט פון די פאַר־

שטאַרבענע, וועלכע זיינען געפאַלען אַלס קרבנות פאַר דער אַלגעמיינער אידישער זאַך. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער ליגעל קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זייער קאָמיטע פּראָגרעסירט אין דער אַרבייט און די צאָהל פּטיוטס אין וועלכע מיר וועלען לעגאַליזירט ווערט אַלץ מעהר פאַרגרעסערט. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## נאַצ. טשערמאַנס רעפּאָרט

פר. י. ישורון, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, באַריכטעט, אַז די טשערליוט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס האָבען אין פאַרלויף פון מאָנאַט געהאַט אַ מיטינג, צו פאַרהאַנדלען פאָלגענדע 2 פראַגען:

1) די נאַצ. עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע האָט געקראָגען דורך אַלעקסאַנדער חאַרקאָווי אַן אויפרוף פון די צענטראַלע אידישע שולען אין ווייס־רוסלאַנד, ליטאַ און פוילען. דער פאַרלאַנג איז געווען, אַז דער דאָזיגער אויפרוף פאַר שטיצע זאָל געדרוקט ווערען אין „פריינד“. אַזוי ווי דאָס איז פאַרבונדען מיט אַלגעמיינע רעליעף אַרבייט, וואָס ווערט אָנגעפיהרט פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו, האָט די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע געוואָלט האָבען די צושטימונג פון דער עקזעקוטיוו דעם אויפרוף צו דרוקען אין „פריינד“. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער אַפּיעל זאָל געדרוקט ווערען.

2) די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געווענדעט, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל אַפּעלירען צו זיינע מיטגליעדער אין ניו־יאָרק פאַר וואָלונטירען אין דעם „טעג־דעי“ פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די טשערליוט האָבען באַשלאָסען דעם פאַרלאַנג צו באַוויליגען. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער'ס רעפּאָרט

פר. י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען מיט דער קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ביי דער הירינג, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין וואַשינגטאָן וועגען אַמנעסטיע. די דאָזיגע קאָמיטע איז אויסגעהערט געוואָרען מיט עטליכע שטונדען שפּעטער נאָך דער הירינג וואָס פּאַלמער האָט געגעבען דעם פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַן פעדערייישאָן אָוו לייבאָר. פּאַלמער, דער פאַרטרעטער פון דזשאַסטיס דעפּאַרטמענט, האָט געענטפערט גאַנץ דעפיניטיוו, אַז קיין אַלגעמיינע אַמנעסטיע וועט ניט געגעבען ווערען, ווייל דאָס וואָלט אַוועקגעשטעלט די קאָורטס אין ניט קיין אָנגענעהמער לאַגע, נאָכדעם ווי די קאָורטס האָבען אין יעדער קייס געהאַנדעלט באַזונדער און אַרויסגעגעבען באַזונדערע אורטיילען.

אין רעליעף פאָנד געפינט זיך יעצט $71,467.51. באַנדס האָבען מיר אויף דער סומע פון $1,137,000.00. געלד איינגעוועסטעד אין גאַראַנטירטע מאָרטגעדזשעס האָבען מיר $102,500.00.

געשטראָכען געוואָרען אין פאַרלויף פון לעצטען קוואָרטאַל זיינען אַרום 2400 מיטגליעדער. נייע מעמבערס זיינען אין פאַרלויף פון קוואָרטאַל אַריינגעקומען 2302. פון די געשטראָכענע האָבען זיך ריאינסטייטעד איבער 280 מיטגליעדער.

פר. באַסקין דריקט אויס די האָפנונג, אַז נאָך דעם פּאָליטישען קאַמפּיין וועלען אונזערע בראַנטשעס זיך ווידער נעמען ענערגיש צו דער אַרבייט אין אונזערע ביידע קאַמפּיינס.

ער גיט אויך איבער די אויסגאַבען פון די פאַרשידענע פאָנדס אין פאַרלויף פון מאָנאַט, און דעם סעקרעטער'ס באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. יודימש גיט איבער אַ הערליכען סעט זילבער צו פר. ישורון, אַלס אַ מתנה פון די מיטגליעדער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו צו דער געלעגענהייט פון זיין חתונה. ער ווינשט איהם אויך דערביי, אין נאָמען פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו, גליק אויף דעם נייעם וועג פון זיין פאַמיליען־לעבען. פר. ישורון באַדאַנקט פאַר דעם פּרעזענט און פאַר דעם אויסדרוק פון פריינדשאַפט פון די קאָלעגען פון דער עקזעק.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. ספּינראַד, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין סאַניטאַריום איז אַלעס אין בעסטען אָרדנונג. פאַר דער קורצער צייט, וואָס דר. אַנטאָנאָווסקי האָט איבערגענומען דעם אַמט, האָט ער זיך באַליעבט געמאַכט צווישען די פּאַציענטען, און אַנגעשטעלטע. די סאַניטאַריום קאָמיטע פון איהר זייט טוט אַלעס וואָס ס'איז מעגליך צו העלפען איהם אין זיין אַרבייט.

עס איז בלויז אַ שוועריגקייט וועגען קריגען אַנגעשטעלטע. ווען דר. פיש האָט פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, זיינען אין אַ קורצער צייט נאָכדעם אַוועקגעגאַנגען די נורסעס. איין נורס איז צוגענומען געוואָרען. אַ גראַדואירטע נורס פעהלט נאָך יעצט אויס, און ס'איז שווער צו קריגען אַ פּאַסענדע פאַר דעם אַמט.

אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דר. אַנטאָנאָווסקי, איז באַשלאָסען געוואָרען אַנצושטעלען אַ מייטראָן, ווי עס פלעגט זיין מיט עטליכע יאָהר צוריק. די קאָמיטע זוכט יעצט נאָך אַ פּאַסענדע פּערזאָן פאַר דער שטעלע.

עס איז דאָ אַ ביסעל שוועריגקייטען צו קריגען אייניגע אַנדערע אַנגעשטעלטע אין קיך, דאָך זיינען דאָ אויסזיכטען, אַז די פראַגע וועגען אַנגעשטעלטע זאָל אין גיכען געשליכטעט ווערען.

אין דעם וועדזשעטייבל סעלער איז געמאַכט געוואָרען אַ ספּעציעלע ווענטילאַציע, וואָס וועט פאַרהיטען, אַז די גרינצייג זאָל ניט פאַרדאַרבען ווערען.

פר. דרײשפּיעל איז אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט געווען אין סאַניטאַריום, צו אונטערזוכען אויב די וואַסער־סיסטעם און די היזונג־סיסטעם איז אין גוטען אָרדענונג. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיך באַראַטען מיט איהם, מיט די אינזשינערען און דעם דאָקטאָר וועגען אַ באָילער פאַר דער אַדמיניסטרישאָן בילדינג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אַזאַ באָילער מוז אַריינגעשטעלט ווערען, כדי די געביידע זאָל זיין פאַרזיכערט צו האָבען גענוג סטים ווינטער־צייט. דער באָילער איז שוין געאָרדערט געוואָרען און וועט וואַרשיינליך אין גיכען אָנקומען אין סאַניטאַריום.

ספּעציעלע סטיישאָנערי איז געאָרדערט געוואָרען פאַר די פּאַציענטען, וועלכע זאָלען האָבען שטענדיג פּאַפּיער און קאָנווערטען פון סאַניטאַריום צו שרייבען בריעף. די בעטען און אייניגע אַנדערע זאַכען זיינען לעצטענס איבערגעפאַרבט געוואָרען.

דער אַסיסטענט דאָקטאָר איז אַוועק און דר. בערענבלאַט איז אָנגעשטעלט געוואָרען אויף זיין פּלאַץ.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַרקויפען דעם האָדסאָן אויטאָמאָביל און קויפען אַ פאָרד, ווייל אויף די וועגען אַרום די בערג איז בעסער צו פאָהרען אויף אַ פאָרד אויטאָמאָביל, און ער דויערט אויך לענגער. דער פאָרד אויטאָמאָביל איז געאָרדערט געוואָרען אַזוי שנעל ווי די פאָרד קאָמפּאַני האָט אַנאָנסירט, אַז זי פאַרקויפט איהרע אויטאָמאָבילס אויף רעדוצירטע פּרייזען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען איינצואָרדערען רײדיאַטאָרס אויפ'ן פאָרטש פון דער אַדמיניסטרישאָן בילדינג, אַריינשטעלען נאָך אייניגע וואַש־סטענדס אין האָספּיטאַל און קויפען אייניגע זאַכען וואָס זיינען נויטיג אין האָספּיטאַל.

פר יאַקאָבי איז געווען אין סאַניטאַריום און האָט אַראַנזשירט מיט אַ בוטשער פון ליבערטי, אַז ער זאָל אונז פאַרקויפען פלייש אויף דעם באַזיס פון 4 סענט פּראָפיט אויף יעדען פונט. דער בוטשער, מיט וועלכען מיר האַנדלען יעצט, האָט נאָכהער איינגעוויליגט צו געבען פלייש אויף די זעלבע פּרייזען. עס איז דאַן, מיט דער צושטימונג פון דאָקטאָר, באַשלאָסען געוואָרען צו בלייבען ביי דעם יעצטיגען בוטשער נאָך אַ מאָנאַט צייט און זעהן די פּרייזען וואָס ער וועט רעכענען. אויב מען זאָל קענען קאָנטראָלירען די פּרייזען פון פלייש, וואָס פר. יאַקאָבי האָט אָפּגעמאַכט, וועט מען וואַרשיינליך איינשפּאָרען היבשע עטליכע הונדערט דאָלאַר אַ יאָהר.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר. האַסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליעד פון בר. 264, שיקאַגאָ, האָט מיט אַ צייט צוריק אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בראַנטש צו באַשטראָפען איהם מיט 99 דאָלאַר. די פראַגע איז געווען אַ קאָמפּליצירטע און פון די צושריפטען פון ביידע צדדים איז פאַר דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע אונמעגליך געווען צו קומען צו אַ באַשטימטער מיינונג. ס'איז דאַרום באַשלאָסען געוואָרען די פראַגע איבערצוגעבען צו דער שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע צו אונטערזוכען. דער בראַנטש האָט אָבער איגנאָרירט די דיסטריקט קאָמיטע, און איז ניט געקומען צו קיין הירינג, אָבוואָהל מען האָט זיי אַרויסגערופען עטליכע מאָל. די גריוועַנס קאָמיטע האָט דעם בראַנטש דאַן געגעבען 4 וואָכען צייט צו קומען צו אַ הירינג פון דער דיסטריקט קאָמיטע, ערקלערענדיג, אַז אויב ניט, וועט די שטראָף אַרונטערגענומען ווערען. דער בראַנטש איז אָבער אַלץ צו קיין הירינג ניט געקומען און אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דער דיסטריקט קאָמיטע, איז באַשלאָסען געוואָרען צו דיסמיסען די קייס און אַרונטערנעמען פון איהם די שטראָף.

פסר. דזש. רובין און מאַקס סינגער, געוועזענע מיטגליעדער פון בר. 106, וועלכע זיינען טרענספערירט געוואָרען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש, האָבען צוגעשיקט שריפטליכע פאַרפליכטונגען, אַז זיי וועלען אין דער צוקונפט ניט אַרבייטען מעהר ווי אויף 2 לומס, און בעטען צו געבען זיי אַ טרענספער צו בר. 106. זייער פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען.

אַ מיטגליעד פון בר. 602 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בראַנטש צו מאָנען פון איהם אַ טעקס פון 5 דאָלאַר צו דעקען די דעפיציטען פון בראַנטש. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז ער האָט ביי זיי פאַרלאַנגט אַ טרענספער נאָך איידער דער טעקס איז באַשטימט געוואָרען. דער בראַנטש ווידער האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט ווירקליך מיט אַ לאַנגער צייט צוריק געזאָגט, אַז ער וויל אַ טרענספער, אָבער אַזוי ווי ער איז מעהר צו די מיטינגען ניט געקומען, און האָט כסדר געצאָהלט זיינע בילס, האָבען זיי גערעכענט, אַז ער האָט געענדערט זיין מיינונג וועגען אַ טרענספער, און יעצט, ווען דער טעקס איז באַשטימט געוואָרען, גלויבען זיי, אַז ער איז אויך פאַרפליכטעט דעם טעקס צו באַצאָהלען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען דעם אַפּיעל צוריקצואווייזען און גוטהייסען די האַנדלונג פון בראַנטש.

אַ מיטגליעד פון בר. 440 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בראַנטש צו באַשטראָפען איהם מיט 50 דאָלאַר פאַר מאַכען צו מופען די טענענטס פון זיין הויז. דער אַפּעלאַנט האָט גע'טענה'ט, אַז ניט קוקענדיג דאַרויף; וואָס אין די שכנ'ישע הייזער האָט מען געהעכערט די רענט, האָט ער אָבער קיין רענט ניט געהעכערט פון יאָהר 1916. אַזוי ווי די פּרייזען פון די הייזער זיינען אָבער געשטיגען, האָט ער זיין הויז געוואָלט פאַרקויפען. די טענענטס, מורא האָבענדיג אַז אויב ער וועט פאַרקויפען דאָס הויז, וועט דער נייער לענדלאָרד זיי העכערען די רענט, האָבען זיי געפאָדערט, אַז ער זאָל זיי געבען קאָנטראַקטען אויף אַ יאָהר צייט. דאָס האָט ער זיך ענטזאָגט צו טאָן. די

מעגענטס האבען דאן ערקלערט א סטרייק און זיך ענטזאגט צו צאהלען רענט. ער איז דאן געצוואונגען געווען צו ווענדען זיך אין קאורט און זיי מאכען צו מופען. ביי דער הירינג האט זיך ארויסגעצייגט, אז דער אנקלעגער איז ערוועהלט געווארען אין דער אונטערזוכונגס־קאמיטע. די גריוועגנס קאמיטע, אונטערזוכענדיג גרינדליך די אנגעלעגענהייט, האט באשלאסען גוטצוהייסען דעם אפיעל און ארונטערנעמען פון איהם די שטראף.

א מעמבער עט לארדזש, געוועזענער מיטגליעד פון בר. 223, האט אפעלירט געגען דער בענעפיט קאמיטע פאר צוריקווייזען זיין בענעפיט. די בענעפיט קאמיטע האט ערקלערט, אז זיי האבען די בענעפיט צוריקגעוויזען אויף דער רעקאמענדאציע פון דער שיקאגא דיסטריקט קאמיטע, און אויך אויף דעם גרונד וואס די סערטיפיקייטס זיינען ניט געווען אונטערגעשריבען פון קאמיטעס, און דער ברענטש האט ניט געהאט קיין קאנטראל איבער איהם אין דער צייט פון זיין קראנקהייט. זיי האבען בלויז באשלאסען אויסצוצאהלען פאר 1 וואך בענעפיט פאר דער צייט וואס ער איז געווען אין האספיטאל. די גריוועגנס קאמיטע האט אויסגעפונען, אז איינער פון די צוגעשטעלטע סערטיפיקייטס איז יא געווען אונטערגעשריבען פון קאמיטעס און פינקטליך אויסגעפילט. עס איז דארום באשלאסען געווארען גוטצוהייסען פאר איהם פאר 2 וואכען בענעפיט — פאר דער וואך וואס ער איז געווען אין האספיטאל און פאר דעם סערטיפיקייט וואס איז פינקטליך אויסגעפילט.

בר. 210 האט געהאט א סכסוך מיט זייער געוועזענעם דאקטאר וועגען זיין געהאלט פאר א האלב יאהר צייט. דער דאקטאר האט ערקלערט, אז אין יולי 1919 האט דער דאמאלדיגער סעקרעטער געמאכט מיט איהם א קאנטראקט אויף א יאהר צייט. פאר'ן ערשטען האלב יאהר האט דער ברענטש איהם באצאהלט, ווען ער האט זיי צוגעשיקט א ביל פאר'ן 3טען קווארטאל, האבען זיי איהם געענטפערט, אז דער ברענטש איז אנגעשלאסען אן מעדיקאל דעפארטמענט. דער דאקטאר האט אנגעדייטעט, אז דער ברענטש האט איהם פריהער וועגען דעם ניט געלאזט וויסען, און ער האט קורירט זייערע מיטגליעדער אין פארלויף פון 3טען קווארטאל. די פארטרעטער האבען ניט אפגעלייקענט, אז דער דאקטאר האט קורירט מאכע מיטגליעדער אין פארלויף פון דער צייט. זיי האבען גע'טענה'ט, אז ביי זיי ווערען בעאמטע, ווי אויך א דאקטאר, ערוועהלט יעדען האלב יאהר, און זיי האבען ניט געוואוסט, אז דער דאקטאר איז אנגעשטעלט געווארען אויף א יאהר צייט. דער פריהערדיגער סעקרעטער האט צוגעגעבען, אז ער האט דעם קאנטראקט אונטערגעשריבען, ערקלערענדיג, אז ער איז געווען אונטער דעם איינדרוק, אז דאס איז בלויז א פארמעלער קאנטראקט, אבער ניט בינדענד פאר א יאהר. די גריוועגנס קאמיטע האט באשלאסען, אז דער ברענטש זאל אויסצאהלען דעם דאקטאר פאר דעם 3טען קווארטאל.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע

פר. בערנשטיין, וויים־טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז בר. 615, וועלכער באשטעהט פון ארבייטער רינג ארקעסטערס, האט ערקלערט, אז דער שטאדטישער אויפקלערונגס קאמיטעט פון ניו־יארק, וועלכער האט די אויפזיכט איבער אלע שטאדטישע ארבייטער רינג אינסטיטוציעס, האט פון זייער בודזשעט ארונטערגענומען 300 דאל. א יאהר און דאס וועט ניט זיין גענוג צו דעקען די אויסגאבען וואס ס'וועט זיין נויטיג. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען צו נעמען אין אנבאטראכט די פראגע ווען זי וועט אויפנעמען די פלעאר וואס זיינען אויסגעארבייט געווארען פון דעם שטאדטישען אויפקלערונגס קאמיטעט.

די ארבייטער רינג מוזיק שול האט ערקלערט, אז זיי געפינען זיך אין ניט קיין גלענצענדען פינאנציעלען צושטאנד און געבעטען מען זאל זיי באוויליגען א געוויסע סומע. עס איז באוויליגט געווארען פאר זיי 100 דאלאר.

די רענד סקול האט פארלאנגט צו ערוועהלען א מיטגליעד אין זייער עדיוקיישאנאל קאונסיל. פר. א. ש. זאקס איז ערוועהלט געווארען.

די צענטראלע אידישע שול אין ווילנא האט געבעטען, אז מען זאל זיי צושיקען די איבעריגע סומע, וואס איז פאר זיי באשטימט געווארען . עס איז באשלאסען געווארען זייער פארלאנג צו באוויליגען, נאר זיי שרייבען, אז זיי זאלען מאכען די פרייזען פון די זשורנאלען, וואס זיי שיקען אונז צו, מעהר צוגענגליכער פאר אונזערע שולען.

די יהואש שולען אין קליוולאנד זיינען איבערגענומען געווארען אלס ארבייטער רינג שולען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט פארהאנדעלט מיט דעם לעהרער סעמינאר וועגען פאראייניגען זיך מיט זיי. ס'איז באשטימט געווארען צו שטעלען זיי פאלגענדע באדינגונגען אלס באזיס פאר פאראייניגונג:

1) אין סעמינאר זאלען זיי פארטראטען בלויז ארגאניזאציעס, וואס באשעפטיגען זיך מיט אידישע בילדונגס־ארבייט.

2) די פארוואלטונג זאל באשטעהן בלויז פון פארטרעטער פון ארגאניזאציעס.

וו) דאס פראגראם זאל איבערגעקוקט ווערען פון פאקולטעט צוזאמען מיט פארטרעטער פון די פארשידענע ארגאניזאציעס.

פר. שטיינבוים, א מיטגליעד פון דער שול קאמיסיע, איז געשיקט געווארען אין ניו־הייווען צו אונטערזוכען די לאגע פון די דארטיגע ארבייטער רינג שולען.

פר. י. לעווין איז געשיקט געווארען קיין הארטפארד צו דער ערעפענונג פון דער ארבייטער־רינג שול.

עס איז באשלאסען געווארען ארויסצוגעבען א ביכעל מיט קינדער־שפיעלען, געשריבען פון י. שטיינבוים; אויך אן אנטאלאגיע פון ארבייטער־ליעדער, צוזאמענגעשטעלט פון ש. ניגער.

דער פרייז פאר פרינטען דעם „פריינד" איז געהעכערט געווארען אויף ארום 30 פראצענט. מען וועט ווארשיינליך אויך דארפען אוועקגעבען צו א צווייטען פרינטער די ארבייט פון זעצען דעם „פריינד".

די סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע האט שוין אנגעפאנגען איהר טעטיגקייט פון סיזאן און ערעפענט לעקציעס, קולטור־צענטרען, פארומס, קאנצערטען א. ד. ג. דער גאנצער פראגראם פון דער סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע איז פון דער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע נאך ניט גוטגעהייסען געווארען, ווייל די מיטינגען פון דער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערען ניט אפגעהאלטען רעגעלמעסיג.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע פארלאנגט, אז דער לאקאלער טעקס פאר די ניו־יארקער שולען זאלען קאלעקטירט ווערען ביי די ברענטשעס דורכ'ן אפיס. עס ווערט באשלאסען זייער פארלאנג צו באוויליגען.

עס ווערט באשלאסען, אז די נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל זיך ניט פאראייניגען ניט מיט די שלום־עליכם שולען ארויסצוגעבען געמיינשאפטליך א קינדער־זשורנאל, ניט מיט די לעהרער־סעמינארי, נאר די עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל גלייך צוטרעטען צו דער ארבייט פון ארגאניזירען די ארבייטער רינג לעהרער־קורסען, אויב זי געפינט עס פאר נויטיג. באריכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באשלאסען צו רופען א ספעשעל מיטינג פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע און זיי אויפפאדערען צו האבען זייערע מיטינגען רעגעלמעסיג אין דער צוקונפט.

## רעפארט פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע

פר. יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז דער מעדיקאל דעפארטמענט האט געהעכערט די אסעסמענטס פאר דאקטוירים, דאך האט דער דעפארטמענט געוואלט אפלייגען די העכערע צאהלונגען צו די דאקטוירים ביז'ן 1טען יאנואר 1921. דער פארטרעטער פון דער בענעפיט קאמיטע צו דעם מעדיקאל דעפארטמענט האט זיי ערקלערט, אז אויב זיי קאלעקטירען א העכערע אסעסמענט דארפען זיי אויך צאהלען די העכערונג צו די דאקטוירים, אנפאנגענדיג פון אקטאבער. דער מעדיקאל דעפארטמענט וועט די פראגע נאכאמאל פארהאנדלען.

א מיטגליעד פון בר. 248, לאס אנדזשעלעס, איז אין ניו־יארק קראנק געווארען און געלעגען אין א האספיטאל היבשע עטליכע וואכען. פר. מאלאט, מיטגליעד פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע, האט איהם באזוכט כמעט יעדע וואך און מאנכעס מאל נאך אפטער. דער באטרעפענדער איז יעצט אריבערגעפיהרט געווארען אין מאנטעפיאר האום.

אויסזוכענדיג די טאבעלען וועגען די קראנקען בענעפיט, וואס זיינען צוגעשטעלט געווארען פון אפיס, האט זיך ארויסגעצייגט, אז 27 ברענטשעס האבען געצויגען פיעל מעהר בענעפיט וויפיעל זיי האבען איינגעצאהלט פאר דעם בענעפיט פאנד. די סערטיפיקייטס פאר דער צייט זיינען פון דער בענעפיט קאמיטע אונטערזוכט געווארען. ס'איז באשלאסען געווארען צו רופען ספעשעל מיטינגען פון די דאזיגע ברענטשעס און שיקען פארטרעטער צו די מיטינגען, כדי זיך דורכצורעדען וועגן דעם אוננארמאלען צושטאנד אין יענע ברענטשעס. די מיטינגען וועלען גערופען ווערען אין פארלויף פון דעם מאנאט.

די נאצ. בענעפיט קאמיטע פארהאנדעלט יעצט די פראגע וועגען העכערען די קראנקען בענעפיט און ברענגען אזא רעקאמענדאציע צו דער קאנווענשאן. די בענעפיט קאמיטע דענקט צו ברענגען פאלגענדע רעקמענדאציעס וועגען העכערען די קראנקען בענעפיט:

1) אז די בענעפיט זאל געהעכערט ווערען פון 6 דאל. אויף 7 דאל. א וואך, אבער די העכרונג זאל זיך אנפאנגען בלויז פון דער צווייטער וואך. צו העכערען די קראנקען בענעפיט פון דער צווייטער וואך, וועט העלפען, אז דער אסעסמענט פאר קראנקען בענעפיט זאל ניט דארפען געהעכערט ווערען זעהר פיעל.

2) אדער איינצופיהרען קלאסען פאר קראנקען בענעפיט, ווי מיר האבען קלאסען פאר טויטען בענעפיט. דאס הייסט, מיטגליעדער זאלען קענען באלאנגען צו א קלאס וואס צאהלט 6, 9 און 12 דאלאר א וואך קראנקען בענעפיט און צאהלען פראפארציאנעל לויט די קראנקען בענעפיט פון דעם קלאס.

רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

פר. י. ישורון, טשערמאן פון דער עקזעקוטיוו, ערקלערט, אז אבוואהל דער מעדיקאל דעפארטמענט שטעהט ניט אונטער דער אויפזיכט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו, נאר אזוי ווי זייער האנדלונג קען רעפלעקטירען אויף דער רעפוטאציע פון ארבייטער רינג, דארף מען דעם מעדיקאל דעפארטמענט דארויף אויפמערקזאם מאכען. עס ווערט באשלאסען אנצופרעגען וועגען דעם דעם מעדיקאל דעפארטמענט.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע

פר. אייבראמס, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז אין בר. 407 איז א מיטגליעד געשטראכען געווארען דעם 3טען יוני. אין עטליכע טעג ארום איז ער געשטארבען. די יורשים האבען זיך געווענדעט, אז מען זאל פאר איהם אויסצאהלען די בענעפיט. דער אפיס

האָט ערקלערט, אַז ער איז גענצליך געשטראָכען געוואָרען און דארום קענען מיר ניט זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר די טויטען בענעפיט.

אין דעם „פריינד" דעפּאַרטמענט איז געווען צו ענג און עס איז געמאַכט געוואָרען פאָלגענדע ענדערונג: דער „פריינד" דעפּאַרטמענט וועט איבערגעטראָגען ווערען אין סטאק רום, ווייל אין סעלער איז געמאַכט געוואָרען פּלאַץ פאַר'ן גאַנצען סטאָק, און פר. ביילין'ס דעסק און די דעסקס פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועלען איבערגעטראָגען ווערען אין דעם רום, וואו עס איז געווען דער „פריינד" דעפּאַרטמענט. דאָס וועט געבען מעהר פּלאַץ און באַקוועמליכקייט פאַר די אַלע דעפּאַרטמענטס.

די באַסטאָנער „געווערקשאַפטען" האָבען געבעטען, אַז מיר זאָלען צוזאַמען מיט אַנדערע צושריפטען ארויסשיקען זייערע אַן אַפּיעל צו כיוצען זייערע אָרטיגע סטרייקס. זייער פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען.

פר. זאַק, פון אודיטינג דעפּאַרטמענט, האָט געהאַט אַן אָפּעראַציע און איז געווען קראַנק 4 וואָכען צייט. ער איז יעצט צוריק אין אָפיס און טוט זיין אַרבייט ווי פריהער.

באָנדס זיינען געקויפט געוואָרען פאַר $95,560.00, פאַר וועלכע מען האָט געצאָהלט צו $95.56. די דאָזיגע באָנדס ברענגען אריין 6.42 פּראָצענט.

די קענעדער ברענטשעס האָבען דעם קוואָרטאל נאָך ניט געמאַכט זייערע איינצאָהלונגען. דער אָפיס האָט געשיקט צו זיי אַ שטרענגען בריעף וועגען דעם. די איינצאָהלונג איז בכלל פאַר דעם לעצטען קוואָרטאל געווען שוואַכער ווי די געוועהנליכע איינצאָהלונגען און בריעף זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס, וועלכע זיינען געווען הינטערשטעליג אין זייערע צאָהלונגען.

די צוויי הונדערט דאָל. פאַר אַמנעסטיע זיינען איינגעטיילט געוואָרען: 100 דאָל. פאַר די ניו־יאָרק פּאָליטיקעל דעפענס, 100 דאָל. פאַר טשאַרלז רעכט, אַטאַירני, פאַר דעפענס צוועקען.

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער קומענדער קאָנווענשאַן אָפּצושאַפען דעם פונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז עס דאַרף אַרויסגעשיקט ווערען אַ רעדזשיסטרירטער בריעף מיט 10 טעג פריהער איידער אַ מעמבער ווערט געשטראָכען, ווייל דער פאַקט אַז, אַז אַ גרויסער טייל פון אונזערע ברענטש־סעקרעטערע קומען ניט נאָך דיזען פונקט. אויף אַזאַ אופן ווערען פיעלע מיטגליעדער געשטראָכען אונגעזעצליך, ון אין אַ טויטען־פאַל איז דער אַרבייטער רינג געזעצליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר די טויטען בענעפיט פון אַזאַ ניט געזעצליך געשטראָכענעם מיטגליעד.

רעפאָרם ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פר. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז בר. 401, שיקאַגאָ איז אויפגעלייזט געוואָרען, ווייל זיי פלעגען קיינמאָל ניט מיטען. די מיטגליעדער זיינען פאָרלויפיג געבליבען מעמבערס עט לאַרדזש. זיי וועלען פאַנאַנדערגעטיילט ווערען אין אַנדערע שיקאַגאָ'ר ברענטשעס.

אַ נייער ברענטש איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין לאָנג ביעטש, מיט דער הילף פון לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע.

די דעטראָיט דיסטריקט קאָמיטע האָט לעצטענס אָרגאַניזירט אַ נייעם ברענטש אין לענסינג, מישיגען.

פר. זאָלצמאַן איז געווען פאַרטראָטען ביי דער סיראַקיוז דיסטריקט קאָנפערענץ. אנשטאט אַ קאָנפערענץ האָבען זיי געהאַט אַ גרויסען דזשאָינט מיטינג, וועלכער האָט אויפ'ן פּלאַץ ערוועהלט אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע פון 9, צו 3 דעלעגאַטען פון יעדען ברענטש.

פר. זאַלצמאַן איז אויך געווען פאַרטראָטען אין ראָטשעסטער ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ. זייענדיג אין ראָטשעסטער, איז ער שוין אויך בעאויפטראָגט געוואָרען צו אַדרעסירען די ערעפענונג פון לייבאָר לייסעאום. די אַרבייטער רינג עלעמענטען זיינען געווען זעהר צופריעדען וואָס אַ פאַרטרעטער איז געשיקט געוואָרען צו דער ערעפענונג פון זייער לייבאָר לייסעאום.

קאָנפערענצען זיינען אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פאָלגענדע שטעדט: אין ניו־בראָנזוויק, וואו פר. קרינסקי איז געווען פאַרטראָטען, אין באַלטימאָר, וואו פר. עבעריל איז געווען פאַרטראָטען, אין האַרטפאָרד און אין מעין סטייטס, וואו ער (יודיטש) איז געווען פאַרטראָטען. עס זיינען אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען קאָנפערענצען אין אַטלאַנטא, מילוואָקי און שיקאַגאָ. צו דיזע דריי קאָנפערענצען זיינען קיינע פאַרטרעטער ניט געשיקט געוואָרען. די באַלטימאָר דיסטריקט קאָמיטע וועט ערעפענען זייער מעמבערשיפ קאַמפּיין דורך אַ מאַס־מיטינג און קאָנצערט, און זיי וועלען זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט פאַרשידענע סאָסייעטיס וועגען אַנשליסען זיך אין אַרב. רינג.

ווי עס זעהט אויס פון דיזע קאָנפערענצען, וועלען די נייע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס זיך נעמען ענערגיש פאַר דער אַרבייט און זעהן צו מאַכען פאַר אַן ערפאָלג דעם מעמבערשיפ קאַמפּיין, ווי אויך דעם קאַמפּיין פאַר דעם 75 טויזענד דאָלאַר רעליעף פאָנד.

אין אַלבאַני איז גערופען געוואָרען אַ קאָנפערענץ, אָבער יענע האָט ניט שטאַטגעפונען צוליעב דער נאַכלעסיגקייט פון די ברענטשעס צו שיקען פאַרטרעטער. פאָרלויפיג איז קיין צווייטע קאָנפערענץ דאָרט ניט גערופען געוואָרען.

ווי באַקאַנט, קומט פאַר אַ סכסוך צווישען די ברענטשעס אין סט. פּאָול און מיניאַפּאָלים. אין אָנפאַנג האָט סט. פּאָול געוואָלט דורכגעפיהרט אויס זיין אַלס אַ באַזונדערע סיטי קאָמיטע, נאָכהער האָבען זיי איינגעוויליגט און זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער מיניאַפּאָליס דיסטריקט קאָנפערענץ, נאָר זיי האָבען זיך פון דער קאָנפערענץ צוריקגעצויגען, ווייל זיי האָבען פאָרגעשלאָגען, אַז עס זאָלען אָרגאַניזירט ווערען סיטי קאָמיטעס אין סט. פּאָול און אין מיניאַפּאָליס, און די דיסטריקט קאָמיטע זאָל באַשטעהן פון פאַרטרעטער פון דיזע סיטי קאָמיטעס; אָדער די דיסטריקט קאָמיטע זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון פאַרטרעטער פון יעדען ברענטש. דיזע ביידע פאָרשלעגע זיינען דורכגעוואָרפען געוואָרען. די סט. פּאָול ברענטשעס האָבען פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלען רופען אַ צווייטע קאָנפערענץ, וועלכע זאָל אינסטרואירט ווערען צו ערוועהלען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע מיט אַ פאַרטרעטערשאַפט לויט די ברענטשעס. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו שרייבען צו דער מיניאַפּאָליס דיסטריקט קאָמיטע צו רופען אַזאַ קאָנפערענץ, און עס איז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז אויב מיניאַפּאָליס וועט ניט איינגעהן דאַרויף, זאָל סט. פּאָול בלייבען אַ באַזונדערע דיסטריקט קאָמיטע.

אין אַ געוויסען ברענטש אין מעקסיקאָ (242) קומען פאָר שטרייטיגקייטען צווישען די ציוניסטען, וועלכע ווילען דעם ברענטש פאַרוואַנדלען אין אַן אָפיציעלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און די סאָציאַליסטען, וועלכע דערלאָזען דאָס ניט. אויף אַן אַנפראַגע איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז אַ ברענטש קען זיך לכתחילת אָרגאַניזירען אַלס אַן אָרגאַניזאַציאָן מיט אַ באַשטימטער פּלאַטפאָרמע, און באַשליסען ניט אַריינצונעהמען קיינע אַנדערע אויסער אַזעלכע, וועלכע האָבען די זעלבע אנשויאונגען; אָבער פאַרוואַנדלען דעם בר. אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע יעצט, ווען עס זיינען פאַראַן געגנער, קענען זיי ניט.

אין בר. 475 איז נאָך ניט געשליכטעט דער סכסוך וועגען די 2 מיטגליעדער, וועמען דער ברענטש האָט באַשטראָפט מיט 5 דאָל. יעדען פאַר ניט קומען צום יעהרליכען באַנקעט, אָבוואָהל יענע האָבען דעם טיקעט פאַר'ן באַנקעט יאָ באַצאָהלט. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון אַלע מיטגליעדער פון ברענטש און זיי איבערגעבען דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו. אין פאַל זיי וועלען ניט נאָכקומען דעם באַשלוס, וועט דער ברענטש מוזען אויפגעלעזט ווערען.

אין ניו־יאָרק וועט דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין ערעפענט ווערען מיט 3 מאַס־מיטינגען און קאָנצערטען אין 3 טיילען פון שטאָדט. דעם 11טען נאָוועמבער וועט זיין דער ערשטער קאָנצערט אין קופּער יוניאָן פאַר דאָון־טאָון; דעם 9טען 1נאָוועמבער, אין בראָנזוויל ליוואָר לייסעאום; דעם 17טען דעצעמבער, אין האָנטס פּאָינט פּאַלאַס, בראָנקס.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט זיך געווענדעט צו דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אַז דיזע קאָנצערטען און מאַס־מיטינגען זאָלען אַראַנזשירט ווערען געמיינשאַפטליך פון ביידע קאָמיטעס. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען די פראַגע איבערצוגעבען צו דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. פר. יודיטש גלויבט, אַז די שטעלונג פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אין דער פראַגע איז ניט געווען קיין טאַקטישע, ווייל פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר זיינען דיזע אונטערנעהמונגען אַראַנזשירט געוואָרען פון ביידע קאָמיטעס צוזאַמען, און אויב די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט קיינע באַשליסע וועגען די אונטערנעהמונגען ניט אָנגענומען, וועט אויסקומען, אַז אַן אונטערנעהמונג פון אַ נאַציאָנאַלער קאָמיטע דאַרף גוטגעהייסען ווערען פון אַ סיטי קאָמיטע.

פר. יודיטש ערקלערט, אַז ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין צו פּרעזענטירען מיט אַ וואָטערמאַן פאונטען פען, אָדער מיט אַ ספּעציעלען סעט ביכער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, יעדען איינעם, וועלכער וועט אַריינברענגען 5 אָדער מעהר נייע מיטגליעדער.

פאַר'ן קאַמפּיין וועלען געדרוקט ווערען 20 טויזענד נאָטיצביכלעך, מיט ציפערען און פאַקטען וועגען דעם אַרבייטער רינג; אויך שאָו־קאַרדס, וועלכע וועלען פאַנאַנדערגעטיילט ווערען צו די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, און אַ ליפלעט אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַנוצען זיך מיט די סקאָלערשיפּס, וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַוויליגט פאַר די רענד סקול, און געבען דיזע סקאָלערשיפּס אַלס אַ פּרעזענט אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, אַזוי דאָס יעדער ברענטש אין ניו־יאָרק און אומגעגענד, וועלכער וועט זיך אויסצייכענען אין דער אַרבייט פון דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, זאָל האָבען דאָס רעכט צו שיקען אַ סטודענט פאַר אַ פולען קורס אין רענד סקול.

פר. יודיטש דייטעט אָן, אַז עס טראָגען זיך אַרום קלאַגען דאָס די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע וועט אַרויסשיקען פר. אב. עפּשטיין אויף אַ טור. ער דענקט, אַז אויב פר. עפּשטיין זאָל אַרויספאָהרען איבער'ן לאַנד, וואָלט דאָס שטערען אונזער רעליעף אַרבייט, ווייל אונזערע ברענטשעס וואָלטען צוזאַמענגענומען עפּשטיין'ס אַנוועזענהייט און זיינע אַפּיעלס מיט די אַפּיעלס פון אַרב. רינג. עס ווערט באַשלאָסען זיך דורכצורעדען מיט דער פּיפּעלס רעליעף וועגען דעם. ערוועהלט פריינדע ישורון און באַסקין.

פר. קרינסקי איז געווען פאַרטראָטען ביים באַנקעט לכבוד דעם 11טען יעהרליכען יובעלאום פון בר. 338, און ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

באַריכט דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באשלאסען צו ענטפערען בר. 636, ספרינג וואלי (זעה פראטאקאל פון לעצטען מיטינג, ווען זייער קאמיטע האט זיך געווענדעט צו אונז), אז די פראגע וועגען זייער סעמעטערי איז א לאקאלע פראגע און דער דזשענעראל אפיס קען דארום פאר זיי לוידער גארנים טאן.

פר. געליעבטער מאכט אויפמערקזאם, אז מיר קריגען ניט די לעצטע צייט גענוג פלאץ אין „פארווערטס“ פאר אונזערע נאטיצען און קורצע ארטיקלען. ער גלויבט, אז עס וואלט נויטיג געווען, דאס אן אפיציעלע קאמיטע זאל ערוועהלט ווערען, צו ווענדען זיך צו דער „פארווערטס“ אסאסיאיישאן און פארלאנגען, אז דעם ארבייטער רינג זאל געגעבען ווערען מעהר פלאץ, אויב ניט וועלען אונזערע ביידע קאמפיינס דערפון זעהר פיעל ליידען. עס ווערט איבערגעגעבען צו פר. באסקין און געליעבטער, אז זיי זאלען זיך וועגען דעם דורכרעדען אין דער רעדאקציע פון „פארווערטס“.

עס ווערט באשלאסען צו רופען א ספעשעל מיטינג, אויסצוהערען א רעפארט פון פר. אב. עפשטיין, וועלכער האט זיך אומגעקעהרט פון אייראפא, כדי צו האבען א באגריף ווי אונזערע רעליעף געלדער זאלען איינגעטיילט ווערען.

---

**א ספעשעל מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען מאנטאג אווענד, דעם 18טען אקטאבער, מיט פר. י. ישורון אלס טשערמאן.**

### צושריפט

פון די פיפעלס רעליעף קאמיטע — זיי לאדען איין צו שיקען 15 דעלעגאטען צו זייער ספעשעל קאנווענשאן, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען אין פילאדעלפיא דעם 13טען און 14טען נאוועמבער. עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

פר. ישורון ערקלערט, אז היינטיגער מיטינג איז גערופען געווארען אויסצוהערען א באריכט פון פר. אב. עפשטיין וועגען די רעליעף־ארבייט אין אייראפא.

פר. עפשטיין באריכטעט, אז ער האט באזוכט קורלאנד, ליפלאנד, לעטגאלען, פוילען און טשעכא־סלאוואקיא. ער שטעלט זיך ברייטער אפ אויף דער געדריקטער לאגע פון די אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס אין אייראפא און זייערע אינסטיטוציעס. ער ערקלערט, אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע שיקט אלע געלדער אין אייראפא צו די קהלות, מיט וועלכע די ארבייטער קענען צוזאמען ניט ארבייטען. עס איז שוין געגאנגען אזוי ווייט, אז אין קורלאנד, ליטא און פוילען האבען די ארבייטער געגרינדעט באזונדערע ארבייטער־קאמיטעטען פאר באזונדערע קאנסטרוקטיווע ארבייט. בלויז אין דווינסק האבען די ארבייטער איינגעוויליגט צו פארבלייבען מיט דער קהלה. דער „בונד“, די פועלי־ציון און די „פאלקס־פארטיוליכע“ ווערען פון דער קהלה איגנארירט, און אזוי ווי די קהלות האבען די מאיאריטעט; זעהען זיי אלע מאל דורכצוווארפען די פארשלעגע פון די ארבייטער און דעמאקראטישע פאלקס פארטרעטער. אזוי, צום ביישפיעל, ווערען אפט איגנארירט די פאדערונגען פון די ארבייטער־ארגאניזאציעס צו שטיצען אידישע שולען, קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען און ד. ג.

פר. עפשטיין דייטעט אן, אז אין פוילען זיינען פאראן 70 טויזענד מיטגליעדער אין פראפעסיאנעלע פאראיינען. אין ריגא זיינען פאראן 6 פראפעסיאנעלע פאראיינען, אבער דאך איז דא א סך ארבייט, וועלכע זיי קענען דורך די פראפעסיאנעלע פאראיינען אליין ניט אנפיהרען. פר. עפשטיין זאגט, אז אפילו דאמאלס, ווען די קהלה באוויליגט שוין עפעס פאר ארבייטער־אינסטיטוציעס, ווערט דאס געגעבען אויף א באשרענקטען אופן. מען גיט זיי ניט דאמאלס ווען עס איז נויטיג די ארבייט אנצופיהרען. אזוי, צום ביישפיעל, קריגען די ארבייטער־קיכען אדער די אידישע שולען דאס געלד צו ענדע און ניט פון אנפאנג מאנאט, און די ארבייטער־אינסטיטוציעס קומט כסדר אויס צו זיין אין חובות און זיי זיינען קיינמאל ניט אימשטאנד אנצופיהרען זייער ארבייט ווי געהעריג. אין ווארשא האט מען איהם איבערגעגעבען, אז עס זיינען פאראן 25,000 אידישע קינדער, וועלכע קריגען ניט קיין ערציהונג, ווייל עס זיינען ניטא גענוג שולען און אינסטיטוציעס צו האבען אויפזיכט איבער אלע קינדער. אין די מלחמה־לענדער ווערען יעצט די אידישע קינדער ניט נאר געלערנט אין די שולען, נאר אויך אויפגעהאלטען מיט עסען, שיך, קליידער א. ד. ג. די ערציהונג און דאס פארזארגען פון קינדער איז דארט די וויכטיגסטע פראגע פון מאמענט. פר. עפשטיין איז מיט דער מיינונג, אז דער ארבייטער רינג וואלט געדארפט זעהן, אז די געלדער וועלכע ער שאפט זאלען געהן פאר דעם צוועק, ווייל פון דער ענטוויקלונג פון די קינדער איז אפהענגיג דער צושטאנד פון דעם קומענדען דור. ער ערקלערט, אז די ארבייטער ענטזאגען זיך אין פיעלע פלעצער אנצונעמען אלטע קליידער, וואס מען שיקט זיי פון אמעריקא. דער געפיהל פון זעלבסטווירדע איז נאך ביי זיי ניט פארניכטעט געווארען, און אבוואהל זיי זיינען גרייט צו נעמען אירגענד וועלכע שטיצע, זיינען די ארבייטער אבער צו שטאלץ צו נעמען אזא הילף, וואס זיל זיי ערנידעריגען צו דער מדרגה פון נעמען צדקה און קצבה.

פר. עפשטיין לעזט פאר איניגע מעמאראנדומס, וועלכע ער האט מיטגעבראכט פון קאוונא, ווארשא, וואלקאוויסק א. ד. ג. די דאזיגע מעמאראנדומס, געשריבען פון יענע ארבייטער־קאמיטעטען, פאדערען, אז א דריטעל פון די געלדער וואס ווערט באשטימט פאר די קהלות זאל געשיקט ווערען פאר די ארבייטערס קולטורעלע נויטען. די ארבייטער־קאמיטעטען האבען אין פיעלע פלעצער געגרינדעט איניגע ארבייטער קולטור־ליניעס און א גרויסער טייל פון זייער טעטיגקייט ווערט אפגעגעבען אויף אויפהאלטען די קינדער־שולען און קינדער־היימען. אויסער דעם האבען זיי ארבייטער־קלובען, ארבייטער־ביבליאטעקען א. ד. ג. די ביבליאטעקען אבער זיינען אהן ביכער, ווייל אין משך פון דער מלחמה זיינען זעהר ווייניג אידישע ביכער ארויסגעגעבען געווארען אין אייראפא. צוליעב דער נידעריגער וואליוטא פון די אייראפעאישע געלדער זיינען זיי ווידער ניט אימשטאנד צו קויפען די אידישע ביכער, וואס זיינען אין אמעריקא פאר די לעצטע עטליכע יאהר ארויסגעגעבען געווארען. די ארבייטער־מאסען זיינען ניט נאר הונגעריג פיזיש, נאר אפטמאל איז דער גייסטיגער הונגער נאך גרעסער.

ער דייטעט אן, אז די עמיגראציאנס־ארבייט איז דארט אין א כאאטישען צושטאנד, און דער ארבייטער רינג דארף וועגען דעם זאגען זיין ווארט. ער ערקלערט, אז ער איז ניט געקומען היינט אגיטירען פאר אפרייסען זיך אדער געגען אפרייסען זיך פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, נאר, אין פארבינדונג מיט זיין רעפארט, וויל ער ווירקען, אז די ארבייטער־קאמיטעטען אין אייראפא זאלען קריגען א טייל פון די רעליעף־געלדער, וואס ווערען געשיקט פון אמעריקא, כדי צו קענען דארט זעלבסטשטענדיג אנפיהרען זייער טעטיגקייט.

פריינד ישורון פרעגט: ווי קומט עס וואס ביי אונז רעדט עפשטיין אין אזא מילדען טאן וועגען אפרייסען זיך פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און ביי דער פיפעלס רעליעף קאמיטע האט ער דורכאויס באשטאנען דערויף, אז מען זאל זיך אפרייסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אויב מען וועט צו די ארבייטער־ארגאניזאציעס ניט שיקען דירעקט א טייל פון די געקליבענע געלדער.

פריינד עפשטיין ענטפערט, אז ער איז ניט פאראינטערעסירט אין דעם, אז די פיפעלס רעליעף זאל זיך אפרייסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, נאר אז די ארבייטער ארגאניזאציעס אין אייראפא זאלען קריגען דירעקט א טייל פון די רעליעף געלדער. עס ווערט באשלאסען צו באדאנקען פר. עפשטיין פאר זיין באריכט און עס ווערט באשטימט צו האבען א ספעשעל מיטינג מאנטאג אווענד, דעם 25טען אקטאבער, כדי צו דיסקוטירען די פראגע וועגען די באציהונגען צווישען דער פיפעלס רעליעף און די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע.

---

**א ספשעל מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען מאנטאג, דעם 25טען אקטאבער, מיט פר. י. ישורון אלס טשערמאן.**

פר. ישורון ערקלערט, אז ביי דער עקזעקוטיוו פון דער פיפעלס רעליעף איז מיט 21 געגען 19 שטימען באשלאסען געווארען זיך אפצורייסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. אזוי ווי די פראגע איז באשטימט געווארען מיט אזא קליינער מאיאריטעט, איז באשלאסען געווארען צו רופען א ספעשעל קאנווענשאן פון די פיפעלס רעליעף, אין פילאדעלפיא, דעם 13טען און 14טען נאוועמבער. עס איז דארום וויכטיג, אז דער ארבייטער רינג זאל האבען א באשטימטע שטעלונג בנוגע דער אנגעלעגענהייט.

די פראגע ווערט ברייט דעבאטירט, און כמעט אלע מיטגליעדער פון דער עקזעקוטיוו באטייליגען זיך אין דער דעבאטע. די וועלכע זיינען פאר דעם, אז די פיפעלס רעליעף זאל זיך אפרייסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע ציינגען אן, אז אלע רעליעף געלדער ווערען געשיקט פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע דורך די קהלות, וועלכע באציהען זיך פיינדליך און אפטמאל מיט פאראכטונג צו די ארבייטער־ארגאניזאציעס; אז די ארבייטער־קיכען, ארבייטער־שולען, ארבייטער־ביבליאטעקען און אנדערע ארבייטער־אינסטיטוציעס קריגען ניט די שטיצע, צו וועלכע זיי זיינען פראפארציאנעל בארעכטיגט; אז דאס געלד, וואס די ארבייטער־ארגאניזאציעס באקומען שוין יא, קריגען זיי דאס אין א פארם עהנליך צו צדקה און קצבה; אז ניט אכטענדיג דערויף וואס מען האט שוין פיעל גערעדט וועגען דעם, אז א טייל פון די געלדער זאלען געשיקט ווערען דירעקט צו די ארבייטער־קערפערשאפטען אין אייראפא, האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע זיך באצויגען גלייכגילטיג דערצו.

די וועלכע זיינען געגען דעם, אז די פיפעלס רעליעף זאל זיך אפרייסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע דייטען אן, אז אויב מען וועט זיך אפרייסען, וועלען פיליכט די פוילישע, אונגארישע, רומענישע און אנדערע אנטיסעמיטישע רעגירונגען אין גאנצען שטערען די טעטיגקייט פון די אידישע מאסען אין אייראפא און וועלען פיליכט אין גאנצען צומאכען די ארבייטער־אינסטיטוציעס; ווען זיי וועלען וויסען, אז דיזע אינסטיטוציעס ווערען געשטיצט דירעקט פון דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט; אז אויב די פיפעלס רעליעף וועט זיך אפרייסען, וועט דאס פארמינדערען אין א גרויסער מאס די פראפארציע פון רעליעף געלדער, וואס די אידישע ארבייטער־מאסען אויף יענער זייט ים וועלען קריגען; אז מיר מעגען האבען א העכערען געפיהל פון יושר און גערעכטיגקייט, אבער די געלדער, וואס ווערען געקליבען פאר'ן רעליעף, ווערען מעהרסטענס געקליבען צווישען די רייכע, צווישען די וועלכע שטעלען צוזאמען די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע; אז אויב די פיפעלס רעליעף וועט זיך אפרייסען, וועט דאס ארויסצייגען די שוואכקייט פון דער פיפעלס רעליעף, ווייל זייענדיג צוזאמען, דענקען די ארבייטער־מאסען אין אייראפא, אז די פיפעלס רעליעף איז ווירקליך אימשטאנד אליין צו שאפען גרויסע כומען; אז דער פארלאנג וואס קומט לעצטענס פון די אידישע אר־

ביטער זיך אפצוריסען איז ווארשיינליך צוליעב דעם, ווייל זיי שעצען ניט אפ געננוי די כחות פון דער פיפעלס רעליעף.

פר. עפשטיין, וועלכער איז אנוועזענד ביים מיטינג, בעט די פריווילעגיע צו רעדען אין דער פראגע, וואס עס ווערט איהם באוויליגט. ער זאגט צווישען אנדערעס, אז דאס אפריסען זיך פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע קען ווירקליך פאראורזאכען שוועריגקייטען און צרות אין דער וייטערדיגער רעליעף ארבייט. די פראגע איז אבער צי עס איז ניט כדאי צו מאכען דעם דאזיגען טריט. ער זאגט, אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע שטיצט בלויז די קהלות, וועלכע פיהרען אן די עקעלהאפטסטע קלאסען־פאליטיק געגען די ארבייטער. ער גלויבט, אז אויב דער ארבייטער רינג וועט זיך ארויסזאגען פעסט און ענטשלאסען פאר אפריסען זיך, וועט עס פיליכט האבען א ווירקונג אויף דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע נאכצוגעבען דעם פארלאנג פון די ארבייטער־מאסען אין איראפא, אז א טייל פון די געלדער זאלען דירעקט געשיקט ווערען צו זיי. ער זאגט, אז אין דער דעבאטע איז צו זעהן, אז קיין פרינציפיעלע געגנער פון אפריסען זיך זיינען ניטא, דארום דארפען זיך אלע פאראייניגען אויף דעם פונקט פון אפריסען די פיפעלס רעליעף פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אויב די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע וועט דעם פארלאנג ניט באוויליגען.

דער טשערמאן, פר. ישורון זאגט, אז די ברייטע מאסען אין איראפא נויטיגען זיך פריהער פון אלץ אין עקאנאמישער הילף צו קענען דורכשטופען די קריטישע צייט, און די ארבייט פון שאפען דיזע עקאנאמישע הילף קען אם בעסטען געטאן ווערען צוזאמען מיט דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. ער גלויבט, אז אויב די פיפעלס רעליעף וועט זיך אפריסען, וועט דאס פיהרען דערצו, אז די רעליעף ארבייט וועט פאראליזירט ווערען און פיליכט אין גאנצען זיך אפשטעלען. ער דייטעט אויך אן, אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט אן איינגעארדנעטען אפאראט אויף פאנאנדערצוטיילען די געלדער, אז זי האט פארבינדונג מיט פארשידענע געזעלשאפטליכע קרייזען, און ווען די פיפעלס רעליעף קאמיטע וועט זיך אפטיילען, וועט זי דארפען אפגעבען א היבשע טייל פון די געקליבענע געלדער און א גרויסען טייל פון איהר ארבייט אויף איינצוארדנען אזא באזונדערען אפאראט.

עס ווערט באשלאסען, מיט 14 שטימען געגען 4, צו אינסטרואירען אלע דעלעגאטען פון ארבייטער רינג צו שטימען פאר דעם, אז די פיפעלס רעליעף קאמיטע זאל זיך אפריסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אויב די לעצטע וועט ביז דער קאנווענשאן ניט לאזען וויסען, אז זי גיט נאך דעם פארלאנג צו שיקען א טייל פון די רעליעף געלדער דירעקט צו די ארבייטער־אינסטיטוציעס אין איראפא.

---

עס ווערט באשלאסען, אז די פארטרעטערשאפט צו דער ספעשעל קאנווענשאן פון דער פיפעלס רעליעף זאל זיין די זעלבע, ווי צו דער לעצטער קאנווענשאן פון דער פיפעלס רעליעף, דאס הייסט: 5 דעלעגאטען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו און 10 דעלעגאטען פון דער נאצ. באארד אוו דירעקטארען, וועלכע פארטרעטען די נעהענטערע שטאאטען.

אלס דעלעגאטען צו דער פיפעלס רעליעף קאנווענשאן ווערען ערוועהלט פריינדע דינערשטיין, זאקס, הערמאן, קרינסקי און מאנדעל.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

דער רעגעלער מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 7טען נאוועמבער, 10 אוהר פריה, פון טשערמאן פריינד י. ה. ישורין.

## צושריפטען

פון פר. אשפיז, — שרייבט, אז ער נעמט אן די נאמינאציע אויסצופילען דעם וואקאנס אין דער ארבייטער רינג הויז־קאמיטע, וואס איז ערעפענט געווארען ביי דער קאנווענשאן. פר. אשפיז ווערט איינשטימיג ערוועהלט אויסצופילען דעם וואקאנס.

פון בר. 280, — זיי דריקען אויס אונצופרידענהייט מיט דער ענטשיידונג, אז דער ברענטש זאל ניט קענען ענדערען דעם נאמען.

פון א גרופע מיטגלידער פון בר. 280, — זיי באדאנקען דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו פאר באשטימען, אז דער ברענטש זאל ניט ענדערען דעם נאמען, גלויבענדיג אז דורך דעם באשלוס וועלען אויסגעמידען ווערען רייבונגען, צוויסטיגקייטען און אומצופרידענהייט צווישען די מיטגלידער פון ברענטש.

פון די „סאשעליסט רעוויו", — זיי ערקלערען, אז זיי ווילען דעם זשורנאל פארוואנדלען אין אן ארגאן וואס זאל זיך אפרופען אויף אלע סאציאלע און עקאנאמישע פראגען. זיי ווילען, אז דער ארגאן זאל שטעהן אונטער דער קאנטראל פון ארבייטער־ארגאניזאציעס (די „סאשעליסט רעוויו" איז ביז יעצט דער ארגאן פון אינטערקאלידזשיאייט סאשעליסט סאסייעטי). זיי בעטען צו שיקען צוויי פארטרעטער צו א באראטונגס־קאנפערענץ אויף מאנטאג, דעם 15טען נאוועמבער. באשלאסען דעם צושריפט צו פיילען.

פון אמעריקאנעם אידישען קאנגרעס, — זיי בעטען צו ערוועהלען א פארטרעטער אין עקזעקוטיוו קאמיטעט פון דעם אמעריקאנעם אידישען קאנגרעס. באשלאסען דעם צושריפט צו פיילען.

פון בר. 114, — לויט אונזערע אינסטרוקציעס, שיקען זיי צוריק די 60 דאל., וואס זיינען באוויליגט געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן פאר סאן־פראנציסקא, ווייל די סטייק־קאמיטע איז אויפגעלעזט געווארען.

פון אמעריקאנעם הומעניטאריען לייבאר אליוענס, — לאדען איין צו שיקען דעלעגאטען צו דער קאנפערענץ פון ארבייטער־ארגאניזאציעס וועגען העלפען ארונטערנעמען די בלאקאדע פון סאוויעט רוסלאנד. די קאנפערענץ וועט אפגעהאלטען ווערען אין ניו־יארק דעם 21טען נאוועמבער. ערוועהלט פריינדע בורגין און מאלאט.

פון בר. 9, באלטימאר, — לאדען איין א פארטרעטער צו זייער 20טען יאהרעספעסט, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 28טען נאוועמבער. באשלאסען צו שיקען צו זיי א באגריסונגס־טעלעגראמע.

פון מעדיקאל דעפארטמענט, — ערקלערען, אז די פראגע וועגען העכערען די געהאלט פון די דאקטוירים ווערט ביי זיי נאך פארהאנדעלט, און זיי האבען נאך ניט באשלאסען פון ווען אן די געהאלט פון די דאקטוירים זאל געהעכערט ווערען. עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דער פראגע ביי א צווייטען מיטינג.

## קאמיטעס

פון בר. 446, ראזעל, נ. דזש., — זיי ערקלערען, אז דער קארפענטערס דיסטריקט קאונסיל פון עליזאבעטה ערלויבט זיי ניט צו ארבייטען שבת און זונטאג אויף דעם לייבאר לייסעאום. די מיטגלידער פון ארבייטער רינג בויען דעם ארטיגען לייבאר לייסעאום דורך וואלונטארע ארבייט. מיט א קורצער צייט צוריק האבען זיי זיך געווענדעט צום א. ר. אפיס און געבעטען, אז מען זאל ווירקען אויפ'ן דיסטריקט קאונסיל צו געבען זיי אזא ערלויבניס. נאכדעם ווי דער אפיס האט זיך דורכגעשריבען וועגען דעם מיט'ן דיסטריקט קאונסיל האבען זיי געקראגען אן ערלויבניס צו ארבייטען זונטאגס מיט דער באדינגונג, אז מען זאל אויך ארבייטען אויף דעם לייבאר לייסעאום שבתים. דער מאטיוו פון דיסטריקט קאונסיל איז געווען, אז אויב מיר ווילען ניט אפהיטען זייער זונטאג, זאלען מיר אויך צייגען, אז מיר קענען ניט אפהיטען דעם שבת. די ארבייטער זיינען אויף דעם איינגעגאנגען. האט אבער די יוניאן באמערקט, אז טאנכע פון די ארבייטער האבען געארבייט בלויז זונטאג, אבער ניט שבת, און אנדערע האבען געארבייט שבת און ניט זונטאג. דער ידסטריקט קאונסיל האט זיי ווידער געסטראשעט אפצושטעלען די גאנצע ארבייט אויב זיי וועלען ניט נאכקומען די באדינגונג. די קאמיטע פון בר. 446 דייטען אן, אז אין ראזעל ווערט געבויט א אידישע דיספענסערי אויך דורך וואלונטירען ארבייט, וואס ווערט געטאן בלויז זונטאגס. יענע שטערט די יוניאן ניט, אבוואהל יענע ארבייטער באלאנגען צו דער זעלבער יוניאן. זיי אפעלירען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל זעהן העלפען זיי אין דעם, אז זיי זאלען קענען ענדיגען זייער לייבאר לייסעאום, אין וועלכען זיי נויטיגען זיך אזוי שטארק. עס ווערט באשלאסען צו ערוועהלען א קאמיטע פון צוויי צו פאהרען אין עליזאבעטה צום דיסטריקט קאונסיל און זיך דורכרעדען מיט זיי וועגען דער אנגעלעגענהייט. אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע פיינערמאן און אלפערט.

פון בר. 280, — זיי ערקלערען, אז ביי דעם ספעשעל מיטינג, וואס איז גערופען געווארען צו פארהאנדלען די פראגע וועגען ענדערען דעם נאמען פון ברענטש, האבען די אכט, וועלכע האבען געשטימט געגען ענדערען דעם נאמען, נאכהער איינגעוויליגט זיך אונטערצואווארפען אונטער דעם באשלוס פון דער מאיאריטעט פון בר. זיי אפעלירען דארום, אז די עקזעקוטיוו זאל ריקאנסעדערען דעם לעצטען באשלוס און באוויליגען זיי צו ענדערען דעם נאמען פון ברענטש. עס ווערט באשטימט צו בלייבען ביי דעם פריהערדיגען באשלוס.

פון בר. 2, — זיי ערקלערען, אז ביי זיי איז פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען דער באציהונג צווישען דער פיפעלס רעליעף און דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. זיי בעטען אויב מעגליך, צו ריקאנסעדערען דעם פריהערדיגען באשלוס פון דער עקזעקוטיוו, ווייל בר. 2 גלויבט, אז אויב די פיפעלס רעליעף וועט זיך אפריסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, וועט דאס שטערען די קאלעקטירונג פון די וייטערדיגע געלדער. באשלאסען זיי ענטפערען, אז מיר בלייבען ביים פריהערדיגען באשלוס.

## באריכטען

פר. הערמאן באריכטעט, אז פר. עבעריל און ער זיינען געוועזען ביים יובילעאום פון בר. 386. ס'איז געוועזען א שעהנער קאנצערט און אויך א הערליכער באנקעט. עס איז ביי דער געלעגענהייט קאלעקטירט געווארען 160 דאל. פאר די מלחמה קרבנות. די אונטערנעהמונג האט געטראגען אן אמת פריינדליכען גייסט, און האט אויף זיי געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. שפייער באריכטעט, אז פר. מאלאט און ער זיינען געוועזען אין פילאדעלפיא וועגען בענעפיט אנגעלעגענהייטען און זיי זיינען אויך געוועזען פארטראטען ביי בר. 575. זיי האבען באגריסט דעם ברענטש אין נאמען פון דער נאצ. עקז. קאמ. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראזענבלאט באריכטעט, אז די ליגעל קאמיטע געהט אן ערפאלגרייך מיט איהר ארבייט. קיין ספעציעלען מיטינג האט די קאמיטע לעצטען מאנאט ניט געהאט.

## סעקרעטערס רעפארט

פר. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, ערקלערט, אז עס דארף באשטימט ווערען אין וועלכער שטאדט אין קענעדא אונזער נעקסטע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען. ער האט אנגעפרעגט ביים אימיגראי־

שאָן דעפּאַרטמענט וועגען פּאַספּאָרטען פאַר דעלעגאַטען און מען האָט איהם געהייסען זיך ווענדען צום אימיגריישאָן דעפּאַרטמענט פון קענעדא, וועלכער האָט ערקלערט, אַז ער וויל וויסען גענוי וויפיעל עס וועט זיין די אַלגעמיינע צאָהל דעלעגאַטען און וויפיעל פון זיי עס וועלען זיין בירגער און ד. ג. ס'איז מעגליך, אַז מען זאָל דאַרפען איינלייגען אַ געוויסע סעקיורימי פאַר אַלע דעלעגאַטען ביז זיי וועלען צוריקפאָהרען אין די פּאַראייניגטע שטאַאַטען.

פון כאַרבין איז אָנגעקומען אַ בריף פון צוויי אָנגעשטעלטע פון ביוראָ פון היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. זיי האָבען געבעטען אָנפרעגען וואָרום עס איז געשלאָסען געוואָרען דער אָפיס פון דער חיברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי אין יאָקאָהאָמאַ. זיי האָבען געבעטען צו ווענדען זיך צו דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, אַז אויב זיי וועלען ליקווידירען דעם אָפיס, זאָלען די צוויי אָנגעשטעלטע אין יאָקאָהאָמאַ קריגען פאַר 4 מאָנאַטען געהאַלט, לויט די פיהרונגען אין אייראָפּאַ אין באַצוג אָפיס אָנגעשטעלטע. דער אָפיס האָט זיך וועגען דעם געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, וועלכע האָט געענטפערט, אַז צולים דעם וואָס דער אימיגראַנטען שטראָם געהט יעצט דורך אַנדערע קאַנאַלען, האָבען זיי באַשלאָסען צו פאַרמאַכען דעם אָפיס אין יאָקאָהאָמאַ. דעם פאַרלאַנג פון די צוויי אָנגעשטעלטע צו באַצאָהלען זיי געהאַלט פאַר 4 מאָנאַטען וועלען זיי באַוויליגען.

בר. 319 פון מייוואוד, איל., האָט טראָבעל מיט אַ דאָקטאָר, וועמעס סערטיפיקייט דער אָפיס האָט ניט אנערקענט. דער דאָקטאָר סטראַשעט דעם ברענטש, אַז דערמיט וואָס זיין סערטיפיקייט איז ניט אנערקענט, איז געשעדיגט געוואָרען זיין רעפּוטאַציע. דער אָפיס האָט געענטפערט דעם ברענטש, אַז מיר, אַזוי גוט ווי אַנדערע פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציעס אָדער אינשורענס קאָמפּאַניעס, האָבען אַ רעכט צו באַשטימען דאָקטוירים, וועלכע ווערען פון אונז אנערקענט.

צו דער קאָנווענשאָן פון דער פּיפּעלס רעליעף האָבען בלויז אַכט מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער באָארד און דירעקטאָרען אָנגענומען. עס זיינען נאָך געבליבען צוויי מאַנדאַטען. די פראַגע איז צי די מאַנדאַטען זאָל איבערגעגעבען ווערען צו אַנדערע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. (פר. אַרקין האָט זיך ענטזאָגט אַנצונעמען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט זיין אַ דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן מיט אינסטרוקציעס ווי צו שטימען אין דער פראַגע וועגען דער באַציהונג צווישען דער פּיפּעלס רעליעף און דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע. פר. לין פון קענעדא האָט ניט אָנגענומען צוליב פּריוואַטע אנגעלעגענהייטען).

נייע מעמבערס אין פאַרלויף פון מאָנאַט אָקטאָבער זיינען אריינגענומען געוואָרען 1178.

בר. 210 האָט איבערגעגעבען אַ טשעק אויף 1000 דאָל. צו דער פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע, וועלכע האָט געלאָזט וויסען אונזער אָפיס, אַז זיי וועלען אונז קרעדיטירען מיט דער סומע. אַ בריף איז וועגען דעם געשריבען געוואָרען צו בר. 210 און ביי זיי אָנגעפרעגט וואָרום זיי האָבען די סומע ניט איבערגעגעבען דירעקט צום דזשענעראַל אָפיס.

פר. באַסקין גיט דאָן אַ די אויפגאַבען פון די פאַרשידענע פאָנדס אין משך פון מאָנאַט אָקטאָבער. זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר. אַלטמאַן, וויים־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 412 האָט פאַרקלאָגט דעם ברענטש אין פאַרלוימדען איהם. ער האָט ערקלערט, אַז ווען ער איז געוועזען דער סעקרעטער האָט ער איבערגעגעבען די ביכער און אַלעס איז דאַן געפונען געוואָרען אין אָרדנונג. ביי אַ געוויסען מיטינג האָט אַ מיטגליד איהם געזאָגט, אַז ער האָט פאַרנומען 90 דאָל. דער אַפּעלאַנט האָט געפאָדערט, אַז יענער זאָל אָדער צוריקציהען די באַשולדיגונג, אָדער ער זאָל באַשטראָפט ווערען. יענער האָט אָבער די באַשולדיגונג ניט צוריקגעצויגען און דער ברענטש האָט איהם אויך ניט באַשטראָפט. די מיטגלידער פון זיין ברענטש האָבען אויף דעם גרונד נאָכהער פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגען איהם אין שאָפּ, וואו ער אַרבייט, אויך אין דער יוניאָן. די פאָרטרעטער פון ברענטש האָבען ערקלערט, דאָס אַזוי ווי דער אַפּעלאַנט האָט אויך באַליידיגט יענעם מיטגליד ביים מיטינג, האָט דער ברענטש דיסמיסד די גאַנצע באַשולדיגונג. וואָס אנבאַלאַנגט די קלאַנגען פון איינצעלנע מיטגלידער וואָס זיי האָבען וועגען איהם פאַרשפּרייט, האָט דער ברענטש דאָפיר ניט געקענט זיין פאַראַנטוואָרטליך און ער האָט ניט געקענט נעמען קיין שטעלונג אַזוי לאַנג ווי אַ קלאַגע איז געגען זיי ניט אריינגעבראַכט געוואָרען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו טאַדלען דעם ברענטש פאַר ערלויבען, אַז זייערער אַ מיטגליד, און דערצו נאָך אַ טעטיגער מיטגליד, זאָל פאַרלוימדעט ווערען.

אַ מיטגליד פון בר. 107 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען איהם מיט 25 דאָל. דער אַפּעלאַנט איז אַ באָס קאַרפּענטער. אַ צווייטער מיטגליד פון אַ.־ר., אַן אַרבייטער, אַ קאַרפּענטער, איז אָנגעקומען צו איהם אַרבייטען. זיי האָבען קיין פּרייז ניט געמאַכט און צווישען זיך איינגעוויליגט די פּרייז צו באַשטימען שפּעטער. די יוניאָן סקייל איז 1 דאָל. פּער שטונדע. ער האָט דעם אַרבייטער נאָכהער פאָרגעשלאָגען $1.10 פּער שטונדע, אָבער דער אַרבייטער האָט דורכאויס געפאָדערט $1.20. ווען ער האָט זיך ענטזאָגט איהם צו צאָהלען דיזען פּרייז, האָט דער אַרבייטער, אַ „שאָפּ־סטואַרט" פון דער יוניאָן, אַרונטערגענומען די איבריגע אַרבייטער פון זיין שאָפּ אין סטרייק. די יוניאָן האָט נאָכהער באַשלאָסען, אַז יענער האָט ניט געהאַט קיין גרונד אַרונטערצונעמען די אַרבייטער פון שאָפּ. דער באַטרעפענדער האָט נאָכהער אָפּגערעדט פיעלע אַרבייטער פון געהען אַרבייטען צו אים און האָט אים אויף אַן אונאָפיציעלען אופן באָיקאָטירט. ווען יענער האָט איהם אָנגעקלאָגט אין ברענטש האָט די אונטערזוכונגס־קאָמיטע אַרויסגעטראָגען אַן אורטייל: „די קלאַגע ניט באַגרינדעט". דאָך האָט דער ברענטש נאָכהער אויפגענומען די קלאַגע און איהם באַשטראָפט מיט 25 דאָל. אינטערעסאַנט איז וואָס דער ברענטש האָט זאָגאַר ניט געשיקט קיין פאָרטרעטער צו דער הירינג, אָבוואָהל מען האָט זיי דריי מאָל אַרויסגערופען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם אַפּיעל און אַרונטערנעמען פון דעם אַפּעלאַנט די שטראָף.

אַ מיטגליד פון בר. 250 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען איהם מיט 200 דאָל. פאַר בלייבען אַרבייטען אין דער צייט פון גרויסען שטאָל־סטרייק. דער אַפּעלאַנט האָט גע'טענה'ט, אַז ער איז אַ „טוירנער", און דיזע זיינען ניט אַרונטער אין סטרייק. דער ברענטש ווידער האָט געענטפערט, אַז לויט דער ערקלערונג פון די בעאַמטע פון די שטאָל־אַרבייטער, האָבען אויך די „טוירנערס" געדאַרפט אַרונטערגעהן, ווייל עס איז געווען אַן אַלגעמיינער סטרייק. דער ברענטש האָט אויך צוגעגעבען, אַז דער אַפּעלאַנט, אנשטאָט צו פאַרענטפערן זיך אָדער בעטען ענטשולדיגונג, האָט געסטראַשעט, דאָס אויב מען וועט איהם באַשטראָפען, וועט ער זיך ווענדען צום געזעץ פון שטאַאַט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אין בר. 61 איז אַ מיטגליד באַשטראָפט געוואָרען מיט 5 דאָל., נאָכדעם ווי די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט פאַר איהם באַוויליגט אַ טרענספער אין אַ צווייטען ברענטש. דער ברענטש האָט גע'טענה'ט, אַז זיי האָבען איהם באַשטראָפט צוליב זיין חאַלטונג ביים לעצטען מיטינג פון ברענטש, ווען ער האָט דעם טרענספער פאַרלאַנגט. אויסהערענדיג ביידע צדדים, האָט די נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע באַשלאָסען אַרונטערצונעמען פון איהם די שטראָף.

אַ מיטגליד פון בר. 320 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען איהם מיט 10 דאָל. ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, האָט דער ברענטש איהם באַשטראָפט פאַר שלאָגען אַ צווייטען מיטגליד. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש, נאָר טאַדלען דעם ברענטש פאַר ענטזאָגען זיך אַנצונעמען פון איהם די דיוס, ווען מען האָט זיי באַאויפטראָגט איהם צו ריאינסטייטען, אום ער זאָל האָבען אַ מעגליכקייט צו אַפּעלירען צו אַ העכערער אינסטאַנץ.

אַ געוויסער מיטגליד פון בר. 185 האָט אַפּעלירט געגען ברענטש וועגען פאָלגענדעם: ער איז שולדיג געווען אין בר. $11.20. אַלס געוועזענער סעקרעטער האָט ער גאַראַנטירט פאַר די אינסטרומענטען פון דעם דעטראָיטער אַרבייטער רינג אָרקעסטער, וואָס האָט אויף זיין חלק באַטראָפען עטליכע און צוואַנציג דאָלאַר. ווען ער איז אַוועקגעפאָהרען אין ניו־יאָרק אויף אַ קורצער צייט, האָט מען איהם דערווייל געשטראָכען. ער טענה'ט, אַז דער ברענטש, וויסענדיג דאָס ער האָט באַצאָהלט עטליכע און צוואַנציג דאָלאַר פאַר אַן אַרבייטער־רינג זאַך, האָבען זיי איהם ניט געדאַרפט שרייבען פאַר די 11 דאָל. און וואַרטען ביז די אנגעלעגענהייט וועט געשליכטעט ווערען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען איהם ענטפערען, אַז זיין גאַראַנטי האָט ער געגעבען מיט זיין אייגענעם פרייען ווילען און דער ברענטש דאַרף ניט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דעם חוב. ער דאַרף דאַרום איינצאָהלען זיין חוב צום ברענטש אום ריאינסטייטעד צו ווערען. וואָס אנבאַלאַנגט די 20 דאָל. פאַר די אינסטרומענטען, זאָל ער זיך וועגען דעם ווענדען צו דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די באַלטימאָר דיסטריקט קאָמיטע אַראַנזשירט אַ גרויסען מאַס־מיטינג און קאָנצערט צו ערעפענען דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. אויף זייער פאַרלאַנג איז באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַהין אַלס רעדנער פריינד אב. עפּשטיין.

אום אויפצולעבען די ברענטשעס אין נאָרוויטש און ניו־לאָנדאָן און קאָלטשעסטער איז אַראַנזשירט געוואָרען ספּעשעל מיטינגען און אַ פאָרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט זיי באַזוכען. די ניו־הייווען דיסטריקט קאָמיטע האָט אָנגעפאַנגען איהר אַרבייט אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די זעלבע קאָמיטע פיהרט אויך אָן די עדיוקיישאָנאַל אַרבייט פון דעם דיסטריקט.

אין בר. 475 איז געשליכטעט געוואָרען דער סכסוך וועגען די צוויי מיטגלידער, וועלכע זיי האָבען באַשטראָפט צו 5 דאָל. יעדען פאַר ניט קומען צום יובילעאום באַנקעט. נאָכדעם ווי אונזער באַשלוס איז איבערגעגעבען געוואָרען צו זיי ביי אַ ספּעשעל מיטינג פון ברענטש, האָבען זיי באַשלאָסען, אַז דיזע מיטגלידער זאָלען ווייטער פאַרבלייבען אין ברענטש און אַרונטערנעמען פון זיי די שטראָף.

אין אַלבאַני איז דעם 3טען אָקטאָבער אָפּגעהאַלטען געוואָרען די דיסטריקט קאָנפערענץ. זיי האַלטען יעצט אין גרינדען אַ נייעם ברענטש אין נעסאָו, און זיי האָפען צו טאָן גוטע אַרבייט דיזען ווינטער.

לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך גענומען זעהר ענערגיש פאַר דער אַרבייט פון ביידע קאַמפּיינס. פון זייער באַגייסטערטען טאָן פון זייער בריף איז צו זעהן, אַז זיי מיינען ווירקליך

אַרויסצואווייזען אַקטיוויטעט, אום צו צייגען רעזולטאַטען פון זייער טעטיגקייט.

פר. ת. שער, געוועזענער מיטגליד פון דער נאַצ. עקזעקוטיווו, וועלכער איז יעצט אין לאָס אַנדזשעלס, איז דאָרט זעהר טעטיג אין די אַרבייטער־רינג קרייזען.

די ראָטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע אַראַנזשירט אַ דזשאָינט מיטינג פון אַלע ברענטשעס, אום זיך דורכצורעדען און אויסצואַרבייטען פּלענער וועגען דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. ראָטשעסטער האָט אַ ברייט פעלד פאַר טעטיגקייט, און אויב זיי זאָלען זיך נאָר ענערגיש אַ נעם טאָן, וועט זייער אַרבייט זיכער רעזולטאַטען ערפאָלג.

בר. 48, פון ברידזשפאָרט, האָט פאַרלאַנגט, אַז ברידזשפאָרט זאָל אָפּגעטיילט ווערען פון דער ניו־הייווען דיסטריקט קאָמיטע. מען האָט זיי געענטפערט, אַז דער פאַרלאַנג צו פאַראייניגען ברידזשפאָרט מיט ניו־הייווען איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג פון אַלע ברענטשעס פון דיזע צוויי דיסטריקטען, און נאָכדעם ווי אַן אַלגעמיינע דיסטריקט קאָמיטע איז אָרגאַניזירט געוואָרען, קען מען יעצט זיי ניט צוטיילען.

עס זיינען געאָרדערט געוואָרען 300 וואָטערמען'ס פאונטען פענס, וועלכע וועלען אויסגעטיילט ווערען אַלס פּרעזענטען אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין צו יעדען מיטגליד, וועלכער וועט פאַרשלאָגען פינף אָדער מעהר נייע מעמבערס.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רופט מיטינגען פון איינצעלנע מעמבערס און וועט אויך רופען מיטינגען פון גרופען ברענטשעס, אום אויפצולעבען און סטימולירען די אַרבייט פאַר'ן מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זיי האָבען לעצטענס אינסטאָלירט פאָלגענדע נייע ברענטשעס: די וויליאַמסבורג ליטעראַרי סאָסייעטי, די יאַססער יאָנג מענס, יאַדראָווער לאַנדסלייט, און אויך וועלען זיי אין גיכען אינסטאָלירען אַ ברענטש פון די יאַסאָפּאָווער לאַנדסלייט.

פר. קרינסקי האָט אָפּיציעל אינסטאָלירט די וויליאַמסבורג ליטעראַרי סאָסייעטי אַלס אַ בר. 651. זיי זיינען זעהר אַ סימפּאַטישער עלעמענט און פאַרשפּרעכען צו זיין אַ גוטער ברענטש אין דער צוקונפט.

פר. עבעריל האָט אָפּיציעל אינסטאָלירט די יאַססער סאָסייעטי. זיי זיינען אינסטאָלירט געוואָרען מיט 31 מיטגלידער, אָבער זיי האָפען גאָר אין גיכען צו פאַרדאָפּלען זייער יעצטיגע מעמבערשיפּ. ביי דער אינסטאָלאַציאָן זיינען געוועזען פאַרטרעטער פון די ברענטשעס 66 און 278, וועלכע באַשטעהען אויך פון רומעניער לאַנדסלייט, און באַגריסט דעם נייגעבוירענעם ברענטש.

די נייע דיסטריקט קאָמיטע אין דעטראָיט נעמט אָן אַלע מיטלען אויפצולעבען די אַרבייט אין שטאָט. זיי פאַרשפּרעכען צו מאַכען יעדע אָנשטרענגונג, אַז דער אַרבייטער־רינג זאָל דאָרט ווידער פאַרנעמען דעם ברייטען אָנגעזעהענעם פּלאַץ, וועלכען ער האָט פאַרנומען איידער די רייסערייען צווישען די 2 סאָציאַליסטישע ריכטונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען. אין דער נייער דיסטריקט קאָמיטע זיינען ערוועהלט געוואָרען ערפאַהרענע טוער, און ס'איז צו ערוואַרטען, אַז זייער פּראַקטישע און אַקטיווע אַרבייט וועט אין דער נאָהענטער צוקונפט ברענגען גוטע רעזולטאַטען.

די מילינערי וואָירקערס יוניאָן האָט אויף אונזער פאַרלאַנג אינדאָרסירט אַ מאַס־מיטינג, וואָס ווערט גערופען פון בר. 600. זיי האָבען געשריבען, אַז זיי וועלען מיט פאַרגעניגען קאָאָפּערירען מיט ברענטש 600 און זיי העלפען מאַכען דעם מאַס־מיטינג פאַר אַן ערפאָלג. דער מאַס־מיטינג ווערט גערופען אין פאַרבינדונג מיט אונזער מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

די נאָרפאָלק דיסטריקט קאָמיטע האָט געשריבען, אַז זיי ערוואַרטען דיזען יאָהר אַריינצונעמען אַ היבשע צאָהל נייע מיטגלידער; אַז זיי אָרגאַניזירען יעצט אַן אַרבייטער־רינג שול און זיי וועלען אויך אָרגאַניזירען לעקציעס אין פאַרלויף פון קומענדען סיזאָן.

פר. דינערשטיין איז געוועזען פאַרטראַטען ביי בר. 160, פּעטערסאָן, אום דעם ברענטש אויפצולעבען. די מיטינגען זיינען דאָרט לעצטענס אין גאַנצען ניט באַזוכט געוואָרען. אַלע אַנוועזענדע מיטגלידער האָבען פאַרשפּראָכען צו זעהן אויפלעבען דעם ברענטש אין דער נאָהענטער צוקונפט.

פר. יודיטש מאַכט אויפמערקזאַם, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד האָט צום ערשטען אָקטאָבער געהאַט אַ דעפּאָזיט פון $1,062.89. דיוס זו דעם פאָנד פאַר'ן 1טען קוואַרטאַל ווע טאָרייגברענגען אַרום 2,800 דאָלאַר. די מעמאָראַנדום ביכלאַך, שאָר־קאַרדס א. ד. ג. וועלען קאָסטען איבער 1,800 דאָלאַר, דאָס הייסט, אַז צו ענדע פון קוואַרטאַל וועט דער פאָנד נאָך אַליין בלייבען מיט אַ דעפּאָזיט פון עטליכע הונדערט דאָלאַר. ווי צו קענען ווייטער אָנגעהן מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, איז באַשלאָסען געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיווו אַרויסצושיקען צו אַ רעפערענדום פאַר אַ ספּעשעל אַסעסמענט פון 5 סענט פער מעמבער פאַר'ן אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד.

די ניו־יאָרקער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען אים צו באַטייליגען זיך אין דער אַרבייט פון אָרגאַניזירען די דריי מאַס־מיטינגען און קאָנצערטען אין ניו־יאָרק. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשטימט די קאָנצערטען דורכצופיהרען עלבסטשטענדיג.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען און ס'ווערט באַשטימט אָנצונעמען יער רעקאָמענדיישאָן וועגען דעם ספּעציעלען טעקס פון 5 סענט.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פריינד אייבראַמס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ היבשע צאָהל ברענטשעס זיינען לעצטען קוואַרטאַל געבליבען הינטערשטעליג אין זייערע צאָהלונגען צום אָפּיס. באַזונדערס איז דאָס קענטיג צווישען די קלענערע ברענטשעס, פון וועלכע זעהר ווייניג האָבען אין גאַנצען געמאַכט איינצאָהלונגען, ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס שטרענגע בריף זיינען געשיקט געוואָרען, איז אָבער קיין צופרידענשטעלענדער ענטפער ניט געקומען.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו באַזוכען אַזוי פיעל ברענטשעס וויפיעל עס וועט זיין מעגליך, אין ניו־יאָרק און אומגעגענד, און די ברענטשעס אין די ווייטערע שטעט איבערגעבען צו די נעהנטערע דיסטריקט קאָמיטעס.

אין בר. 123 האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז 5 פרויען מיטגלידער פון 3טען קלאַס זיינען מיט 6 קוואַרטאַלען צוריק אַריינגעקומען מיט סאַניטאַריום פּריווילעדזש. זיי האָבען אין ברענטש די גאַנצע צייט געצאָהלט די אַסעסמענט פאַר'ן סאַניטאַריום און קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד. אין אָפּיס זיינען זיי אָבער געוועזען פאַרשריבען אָהן דיזע פּריווילעגיען. דער ברענטש האָט געבעטען, אַז דאָס זאָל גוטגעמאַכט ווערען. אונטערזוכענדיג די ביכער פון ברענטש און אויסגעפינענדיג אַז זיי האָבען ווירקליך געצאָהלט די גאַנצע צייט פאַר יענע פאָנדס, איז באַשלאָסען געוואָרען זיי אַריינצונעמען מיט סאַניטאַריום פּריווילעדזש, רעכענענדיג פון דער צייט ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין אַרבייטער־רינג, נאָר זיי זאָלען יעצט נאָכאַמאָל אונטערזוכט ווערען פון אַ דאָקטאָר.

אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, האָט צוגעשיקט אַ טאַבעלע פאַר צאָהלונגען פאַר קראַנקען־בענעפיט פאַר מיטגלידער פון 45 ביז 50 יאָהר. לויט דיזער טאַבעלע וואָלטען די צאָהלונגען געווען זעהר גרויס. די אָפּיס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז מיטגלידער פון 45 ביז 50 יאָהר זאָלען צאָהלען צום קראַנקען־בענעפיט פאָנד מיט 50 פּראָצענט מעהר ווי די רייט פון אַ 45־יעהריגען מיטגליד.

דער אָפּיס האָט צוגעשטעלט אונזער אַמענדירטע קאָנסטיטוציע צום אינשורענס דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק, און ווען אַלעס וועט גוטגעהייסען ווערען, וועט מען קענען אָנפאַנגען די אַראַנדזשמענטס פאַר איינפיהרען די טויזענד דאָלאַר פּאָליסי.

דער ניו־יאָרק אינשורענס דעפּאַרטמענט האָט אין אַ בריף צום אינשורענס דעפּאַרטמענט פון טענעסי סטייט זעהר געלויבט דעם אַרבייטער־רינג און די פיהרונגען פון דעם דזשענעראַל אָפּיס.

די אָפּיס קאָמ. האָט נאָכאַמאָל פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען פאַרגרעסערען דעם אָפּיס און געדענקט נעמען אַ ספּעציעלע רום אויף אַן אַנדער פלאָר אין דער זעלבער געביידע פאַר די עקזעקוטיווו מיטינגען. פאַר אַזאַ רום האָט מען געבעטען 1800 דאָל. אַ יאָהר. ס'איז באַשטימט געוואָרען אַז דער אָפּיס זאָל דערווייל פאַרבלייבען מיט די ענדערונגען וואָס ס'זיינען רעפּאָרטעט געוואָרען ביים לעצטען מיטינג.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. י. ב. ביילין, סעקרעטער פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז נייע ליסטען פון לעקטאָרס און זייערע טעמעס זיינען געדרוקט געוואָרען.

אין פּעטערסאָן איז לעצטענס אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנפערענץ. ער (ביילין) איז ספּעציעל אַהין געפאָהרען און עס איז באַשלאָסען געוואָרען ווידער צו ערעפענען אַ קינדער־שול.

נייע שולען זיינען ערעפענט געוואָרען אין האַרטפאָרד, קאָננ., און אין בראָנז פּאַרק, ברוקלין.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצוגעבען דעם נאָוועמבער־דעצעמבער נומער „פריינד“ אין 32 זייטען מיט אַ קאָווער, ווייל דאָס וועט זיין אַ 10־יעהריגער יובילעאום נומער.

די ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז באַאויפטראָגט געוואָרען ניט אַרונטערצונעמען פון בודזשעט פון די אַרבייטער־רינג אָרקעסטערס, אום דיזע זאָלען ווייטער קענען אָנגעהן מיט זייער אַרבייט.

אין ניו־יאָרק זיינען אונטער דער אויפזיכט פון דעם שטאָטישען בילדונגס־קאָמיטעט ערעפענט געוואָרען קולטור־צענטערס אין די אַרבייטער־רינג שולען. אין פאַרלויף פון סיזאָן וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען לעקציעס, מוזיקאַלישע אָווענדען, דענסעס, קלובס, קורסען, אַטלעטישע איבונגען א. ד. ג. עס צייגט זיך אַרויס, אַז די לעקציעס וואָס ווערען אַראַנזשירט אין ניו־יאָרק זונטאָגס זיינען אַ דורכפאַל, נאָר די לעקציעס אין מיטען וואָך זיינען אַן ערפאָלג. דער שטאָטישער בילדונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק וועט זעהן אַז די מעמבערס אַליין זאָלען קאָנטראָלירען די קולטור־צענטערס. זיי האָבען באַוויליגט פאַר יעדען צענטער ביבער אויף דער סומע פון 25 דאָלאַר.

נאָך דריי אַרבייטער־רינג שולען וועלען געעפענט ווערען אין ניו־יאָרק: אין האַרלעם, איסט ניו־יאָרק און דאַון־טאַון. דער שטאָטישער בילדונגס־קאָמיטעט וועט אַראַנזשירען דעם ערשטען מאַי קאָנצערטען פאַר גרופען און פאַר איינצעלנע ברענטשעס.

עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז דער אַרבייטער־רינג באָר זאָל פאַר אַרויסטרעטונגען קריגען 35 דאָלאַר, אַ גרופּע פון באָר 15 דאָלאַר, סאָליסטען צו 10 דאָלאַר. די אַ.־ר. אָרקעסטערס זאָלען קריגען צו 35 דאָלאַר פאַר יעדען אַרויסטרעטען. דעקלאַמאַטאָרס זאָלען קריגען צו 3 דאָלאַר. די „פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע“ זאָל פאַר איין־אַקטערס קריגען צו 15 דאָלאַר; פאַר פּיעסען — פון 40 ביז 75 דאָלאַר,

דער שטאטישער בילדונגס־קאמיטעט באשליסט צו באטייליגען זיך אין די מאס־מיטינגען און קאנצערטען ארראנזשירט פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס און סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטעס, ווייל אלץ אין פארבינדונג מיט די קאנצערטען איז שוין געווען ארראנזשירט, די ארט און ווייזע ווי מען האט זיך צו זיי געווענדעט איז אויסגעקומען, אז מען וויל אז זיי זאלען בלויז ביישטייערען זייער חלק אויסגאבען פון די אונטערנעמונגען. די נאצ. עדיוקיישאנאל קאמ. האט דיזע שטעלונג פון דעם שטאטישען בילדונגס־קאמיטעט גוטגעהייסען.

עס איז באשלאסען געווארען צו ארראנזשירען צוזאמען מיט דער סאציאליסטישער פעדעראציע דעם לעקטשור־טור אין דער סאוטח מיט גענאסע ס. ראטמאן (פוןווארשא).

פארהאנדלונגען ווערען יעצט געפיהרט וועגען די דעטאלען פאר דעם טור.

ש. ניגער האט אנגעפרעגט צי ער וועט קענען ארויסגעבען אין איראפא די אנטאלאגיע פון ארבייטער־לידער. עס איז באשלאסען געווארען איהם צו ענטפערען, אז נאך 8 יאהר וועט ער קענען דעם בוך ארויסגעבען אין איראפא. וואס אנבאלאנגט די רעכטע וועגען אמעריקא, וועלען מיר וועגען דעם שפעטער האנדלען.

די שיקאגא עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אויסגעארבייט א פראגראם פאר דעם קומענדען סיזאן. עס איז באוויליגט געווארען פאר זיי 150 דאל., 75 דאל. איז צו זיי גלייך אוועקגעשיקט געווארען. אין שיקאגא האבען די מיטגלידער פון ארבייטער־רינג אפגעקויפט א משוירטש, וועלכע זיי וועלען פארוואנדלען אין ארבייטער־רינג שול. זיי וועלען האבען קורסען פאר דערוואקסענע. זיי קלייבען זיך ארויסגעבען א לאקאלען קינדער־זשורנאל א. ד. ג.

די פילאדעלפיא דיסטריקט קאמיטע וועט דיזען יאהר ארגאניזירען איהר אויפקלערונגס־ארבייט געמיינשאפטליך מיט די סאציאליסטישע ברענטשעס און די ארטיגע געווערקשאפטען. עס איז באשלאסען געווארען צו באוויליגען פאר זיי 150 דאל. און דערווייל געבען זיי 50 דאלאר אויפ'ן חשבון.

פר. זאקס איז געווען פארטראטען ביי דעם ערעפענונגס־אווענד פון דער פאראייניגטער ארבייטער עדיוקיישאנאל קאמיטע. עס זיינען געווען פארטראטען אלע ארגאניזאציעס, וועלכע זיינען אן דער פאראייניגטער ארבייטער קאמיטע אנגעשלאסען.

עס איז באשלאסען געווארען ארויסצוגעבען פאלגענדע ביכער:

דעם 4טען באנד פיזיאלאגיע, פון דר. מעריסאן.

דעם 3טען באנד געאלאגיע פון דר. קאספע.

ביאלאגיע, פון א. ש. זאקס.

א טעקס־בוך איבער פילאזאפיע, פון דר. חיים זשיטלאווסקי.

א באנד פאבלען, פון נחום י.

די פאגראמען אין אוקראינא, פון פראפעסאר הפק.

אויסער דעם וועלען ארויסגעגעבען ווערען א צאהל ביאגראפיעס פון בארימטע מענשען.

דאס איז אויסער די אנטאלאגיע פון רעוואלוצ. לידער, פון ש. ניגער.

עס איז דער סענטימענט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו, אז די עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל אויך זעהן צוגרייטען נאך א באנד אדער צוויי וואס זאל ארומנעמען די פאגראמען אין די איבעריגע לענדער פון איירפא.

באריכט פון דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע

פר. ספינראד, וויס־משערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז דער פארמער, וועלכער שטעלט צו מילך אין סאניטאריום, האט פארלאנגט אז מען זאל איהם העכערען די פרייז. מיר האבען ביז יעצט געצאהלט 9 און א האלב סענט א קווארט און ער האט פארלאנגט 12 סענט. מען האט זיך מיט איהם דורכגערעדט און מען איז געקומען צו א פארשטענדניס, אז ער זאל קריגען 10 און א האלב סענט א קווארט.

דער ביל פאר פארריכטען דעם אלטען אויטאמאביל איז אויסגעצאהלט געווארען. מען האט ארונטערגענומען 25 דאלאר. דער אויטאמאביל איז נאכהער פארקויפט געווארען פאר 900 דאלאר.

אין סאניטאריום ווערט יעצט איבערגעפיינט דער האספיטאל אויטסייד און טוילוויז אינסייד, דער אינעווייניגסטער טייל פון אדמיניסטריישאן בילדינג. דאס וועט געבען דעם פיינטער ארבייט אויף עטליכע מאנאטען.

עס איז באשלאסען געווארען צו קויפען נייע פאנאגראף רעקארדס פאר 50 דאל. עס איז פארהאנדעלט געווארען דער פארלאנג פון דער לאס אנדזשעלעס דיסטריקט קאמיטע צו באשטימען דעם קומענדען סאניטאריום־טאג פאר דעם בענעפיט פון בויען אויף די גראונדס פון לאס אנדזשעלעס סאניטאריום אן ארבייטער־רינג בילדינג. עס איז באשלאסען געווארען ניט צו באוויליגען דיזען פארלאנג. עס איז באשטימט געווארען אז די איינקונפט פון דעם סאניטאריום־טאג זאל געהן פאר אונזער פיפעלס רעליעף־פאנד.

עס איז באשלאסען געווארען צו פייערען היי־יאהר אין ניו־יארק דעם סאניטאריום־טאג דורך א גרויסען קאנצערט. פארבארייטונגען ווערען שוין געמאכט פאר דער אונטערנעמונג.

עס איז באשלאסען געווארען ארויסצושיקען א בריף צו די ברענטשעס און די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, אז דארט וואו עס איז מעגליך, זאלען זיי מאכען אונטערנעמונגען צו פייערען דעם סאניטאריום־טאג.

אין דער ערשטער ליג־טו איז ניטא גענוג וואסער און מען וועט דארפען דארט פיקסען די שאוערס אין די וואסער־פייפס.

עס איז באשלאסען געווארען צו קויפען א קליינעם אינסינאריימאר צו פארברענען די שפייעכץ און לייבעץ פון די פאציענטען. אזא אינסינארייטאר וועט ווארשיינליך קאסטען ארום 15 ביז 18 הונדערט דאלאר.

עס איז באשלאסען געווארען צו קויפען 100 בלענקעטס, ווייל מאנכע פון די אלטע בלענקעטס זיינען צוריסען געווארען. אין סאניטאריום איז אלעס אין בעסטען ארדענונג. אונטער דר. [illegible]סקי'ס אויפזיכט איז די מעדיצינישע זייט און אויך די ל[illegible]ראטארי זעהר גוט איינגעארדענט געווארען.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע

פר. שפייער, מיטגליד פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז בר. 231 האט געבעטען אויסצוצאהלען פאר 2 וואכען בענעפיט פאר זייערען א פארשטארבענעם מיטגליד, וועלכער איז ארויסגעשיקט געווארען פון סאניטאריום און איז אין צוויי וואכען ארום געשטארבען. אונטערזוכענדיג דעם רעקארד פון דעם פארשטארבענעם איז באשלאסען געווארען צו באוויליגען זייער פארלאנג.

די מעדיקאל אדווייזארי באארד האט אויסגעארבייט רולס פאר מעדיקאל עקזאמינערס. ביז איצט, ווען א נייער מעדיקאל עקזאמינער פלעגט אנגעשטעלט ווערען, האט יענער געדארפט שטודירען אונזער קאנסטיטוציע, אום צו וויסען דעם כאראקטער פון ארבייטער־רינג; אבער אויך דאס האט איהם ניט געגעבען קיין באגריף וועלכע קאנדידאטען ער דארף צוריקווייזען און וועלכע מען קען ארייננעמען. די מיטגלידער פון דער מעדיקאל אדווייזארי באארד האבען אויפ'ן גרונד פון זייערע ערפאהרונגען (ווייל מאנכע פון זיי זיינען אליין מעדיקאל עקזאמינערס פון א.־ר.) אויסגעארבייט פונקטען, וועלכע וועלען קלאר מאכען פאר יעדען נייעם מעדיקאל עקזאמינער וואס פאר קאנדידאטען עס דארפען צוריקגעוויזען ווערען און וועלכע קאנדידאטען עס קענען יא ארייגענומען ווערען.

דער אפיס וועט אויך אויסארבייטען אלגעמיינע אינפארמאציעס פאר ברענטש דאקטוירים, אום דיזע זאלען האבען א באגריף וועגען אונזערע בענעפיטס און ווי אזוי אויסצופילען די קר.־סערטיפיקייטס. עס איז באשלאסען געווארען, אז די רולס, אויסגעארבייט פון דער מעדיקאל אדווייזארי באארד מיט די אלגעמיינע אינפארמאציע אויסגעארבייט פון אפיס, זאלען געדרוקט ווערען אין א פאמפלעט און פאנאנדערגעשיקט ווערען צו אלע אנדערע מעדיקאל עקזאמינערס איבער'ן לאנד.

די מיטגלידער פון דער בענעפיט קאמיטע באזוכען די לעצטע עטליכע וואכען די יעניגע ברענטשעס אין ניו־יארק און אומגעגענד, וועלכע האבען אין פארלויף פון לעצטען יאהר געקראגען מעהר בענעפיט ווי זיי האבען איינגעצאהלט צום בענעפיט פאנד. דיזער באזוך אין די ברענטשעס מאכט אין מעהרסטע פאלען א גוטע ווירקונג, און די ברענטשעס פארשפרעכען צו זיין פארזיכטיג ביים אויסצאהלען בענעפיט.

פר. יאקאבי איז געווען פארטראטען צוזאמען מיט דר. קלימענקא ביי דער ערעפענונג פון דעם נייעם בית משח האספיטאל. זיי האבען ביי דער געלעגענהייט איבערגעגעבען א טשעק אויף 200 דאלאר אלס יעהרליכע ביישטייערונג פון ארב.־רינג פאר זייער האספיטאל.

פר. הייפערלינג איז געפאהרען אלס שליח אין איראפא פון א לאנדסמאנשאפט רעליעף און געבעטען, אז מען זאל איהם באוויליגען א „ליעוו אוו אבסענס" אויף צוויי מאנאטען. די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסען צו באוויליגען זיין פארלאנג.

די סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע האט געבעטען צו רופען א קאנפערענץ אין ניו־יארק וועגען דעם מעדיקאל דעפארטמענט. די בענעפיט קאמיטע האט זיי געענטפערט, אז דיזע פראגע שטעהט אויף דעם טאגעס־ארדנונג ביי דער נאצ. עקזעקוטיוו און ביז די זאך וועט ענטשידען ווערען, קענען מיר וועגען דעם ניט האנדלען.

---

פר. ליעסין ציהט די אויפמערקזאמקייט צו דער טעטיגקייט פון דער אנטי־פאגראם קאמיטע. דיזע קאמיטע האלט אין פאררופען א גרויסען קאנפערענץ פון אלע אידישע ארגאניזאציעס אין אמעריקא. זייער ארבייט זאל זיין צו פארהיטען פאגראמען און ארויסגעבען אן ענגלישען זשורנאל וועגען דער אידישער לאגע אין די איראפעאישע לענדער. ער אפעלירט, אז די נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע זאל רופען אלע אונזערע ברענטשעס אין ניו־יארק צו באטייליגען זיך אין דער קאנפערענץ ווען זי וועט פאררופען ווערען. דער טשערמאן ערקלערט איהם, אז מיר וועלען האנדלען וועגען דעם ווען די קאנפערענץ וועט פאררופען ווערען.

### וועגען דער קאנווענשאן

עס ווערט באשלאסען, אז די קומענדע קאנווענשאן זאל אפגעהאלטען ווערען אין טאראנטא, קענעדע. עס ווערט באשטימט צו ערוועהלען א קאנווענשאן קאמיטע פון 5. אין דער קאמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע פרישוואסער, העסקעל, ראזענבלאט, נעבאמקין און הערמאן.

אלס פארמרעטער צו דעם יובילעאום פון בר. 465 (זעה פראטאקאל פון לעצטען מאנאטליכען מיטינג) ווערט ערוועהלט פר. העסקעל.

---

עס ווערט באשלאסען צו שיקען צו מאיר לאנדאן א טעלעגראמע און באגריסען איהם צו זיין ערוועהלונג צום אמעריקאנעם קאנגרעס.

עס ווערט באשלאסען, אז די עקזעקוטיווו זאל ערוועהלען 2 דעלעגאטען אויפ'ן פלאץ פון די 2 מאנדאטען פון דער נאצ. ב. א. ד. עס ווערען ערוועהלט פריינדע נעבאמקין און אלטמאן.

---

פר. ישורין ציהט די אויפמערקזאמקייט צו פאלגענדען פאקט: אין די שיקאגא'ר אויסגאבען פון „פארווערטס" איז געמעלדעט געוואָרען, אז די פיפעלס רעליעף האט איינגעלאדען פארטרעטער פון די אידישע צענטראלע קערפערשאפטען צו זייער ארטיגען באזאר פון דער פיפעלס רעליעף; אבער, ווי באוואוסט, איז דער ארבייטער-רינג ניט איינגעלאדען געווארען. עס ווערט באשלאסען נאכצופרעגען וועגען דעם ביי דער פיפעלס רעליעף.

פר. באסקין ערקלערט, אז פריינדע הייפערלינג און וואלבערג זיינען אין איירעפא און אין אונזער רעליעף קאמיטע פעהלען דארום 2 מיטגלידער, וויל די איבענגעבליבענע זיינען מעמבערס פון יענער קאמיטע. עס ווערט באשלאסען, אז אונזער רעליעף קאמיטע זאל דערווייל פארבלייבען פון דריי מיטגלידער.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

# פון אונזער קארעספאנדענץ-טיש

## ערעפענונג פון דער ערשטער סאוט-איס-טערן א.-ר. קאנפערענץ

די קאנפערענץ ווערט ערעפענט זונטאג, דעם אכטען סעפט., 12 דעם זייגער ביטאג. איידער די קאנפערענץ איז אפיציעל ערעפענט געווארען האט מען געשפילט די מארסעליעז און דער א.-ר. כאר האט געזונגען דעם א.-ר. הימן און נאך אנדערע אידישע לידער. דער כאר איז אויפגענומען געווארען מיט באגייסטערונג.

דער פארזיצענדער באשטימט ג. בערג, אטלאנטא, אלס פרעס-אגענט.

די קרעדענשעל קאמיטע באשטעהט פון די פאלגענדע דעלעגאטען: לייבאוויטש, מייקען, שטערן, סאוואנא, דזשייקאבס, בוירמינגהעם.

באגייסטערטע באגריסונגס-רעדעס ווערען געהאלטען פון מאריס מערלין, סאקאל, בירמינגהאם, פון גען. פיינבערג פון סאצ. ברענטש, פון גען. האועל פון ענגלישען סאצ. לאקאל, פון פר. צענקער, אויך פון דעם אטלאנטער פראגרעס-קלאב א.-ר. דורך א בוקעט בלומען.

די רעזאלוציאנס-קאמיטע: שעוויטש, דזשעקסאנוויל; סאקאל, בוירמינגהעם; פרימען, טשאטאנוגא; בערג, אטלאנטא; פערלמאן, מעמפיס.

דער פארזיצענדער אנאנסירט, אז היינט ביי-טאג, 2:30, וועט אין א.-ר. ליסעאום זיין אן אונטערנעמונג, דורכגעפירט פון די קינדער פון דער אידישער ארבייטער-רינג שול.

די צווייטע זיצונג, זונטאג, 8 דעם זייגער אין אווענט. פארזיצענדער פר. מיכל מערלין, אטלאנטא.

עס ווערט פארגעלעזען א באגריסונגס-טעלעגראמע פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע אין ניו-יארק און פון א.-ר. ברענטש פון דזשעקסאנוויל.

פר. לייבאוויטש, מייקאן, באריכטעט פאר דער קרעדענשעל קאמיטע, אז ס'זיינען פארטראטען 14 דעלעגאטען פון 7 ברענטשעס, 7 שטעט און 4 סטייטס. ס'זיינען אויך פארטראטען 7 פראטוירנאל דעלעגאטען פון פארשידענע קאמיטעס פון אטלאנטער ברענטש. ער רעקאמענדירט אויך, אז פון דעם אידישען ס. פ. ברענטש פון אטלאנטא זאל מען צולאזען 1 דעלעגאט אנשטאט 2.

א פארשלאג פון פר. פרימען, טשאטאנוגא, ווערט אנגענומען, אז מען זאל צולאזען ביידע דעלעגאטען.

א פארשלאג פון פר. פערלמאן, מעמפיס, ווערט אנגענומען, אז אלע באשלוסען פון דער קאנפערענץ זאלען געשיקט ווערען אויף א רעפערענדום צו די מיטגלידער.

### וועגען בילדונגס-ארבייט

פר. דייווים, אטלאנטא, זאגט, אז ווען אלע סאוט-איסטערן בר. וועלען זיין פאראייניגט וועט מען קענען ארגאנזירען פיל מער לעקציעס ווי ביז איצט. דער דזשענעראל אפיס שיקט אונז נאר איין לעקטאר א יאר. מיר דארפען זיך אבער ניט באגנוגענען מיט דעם. דער אטלאנטער בר. איז געווען דער איינציגער אין דער סאוט, וואס האט דעם יאר אראפגעבראכט ש. ניגער'ן אויף איניגע לעקציעס. ווען מיר וואלטען געווען פאראייניגט, וואלט ניגער באזוכט אויך די איבריגע ברענטשעס אין דער סאוט.

עס ווערט באשלאסען צו ערוועהלען א בילדונגס-סעקרעטער, וואס זאל האבען די פולע רעכט צו ארגאנזירען לעקציעס און באשטימען די דאטומס און די סומען געלט פון די לעקציעס פאר די ברענטשעס. א ברענטש האט אבער דאס רעכט אין משך פון דריי טעג צוריקצו-ווייזען א לעקציע.

פר. שאפירא, אטלאנטא, ווערט ערוועלט פאר בילדונגס-סעק. און ער געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון דער א.-ר. ביבליאטעק פארוואלטונג פון אטלאנטא.

עס ווערט באשלאסען צו רעקאמענדירען צו די ברענטשעס, אז זיי זאלען ארגאנזירען דיסקוסיאנס מיטינגען וועגען פארשידענע געזעלשאפטליכע און ליטערארישע פראגען.

עס ווערט אויך באשלאסען צו רעקאמענדירען צו די ברענטשעס, אז איין שטאט זאל אראפברענגען א פריינד פון אן אנדער שטאט פון דעם זעלבען דיסטריקט, וואס איז פעהיג צו האלטען אן איינלייטונג צו דיסקוסיעס.

עס ווערט רעקאמענדירט, אז די ברענטשעס זאלען ארגאנזירען קאנצערטען.

### וועגען די ביבליאטעקען

פר. נירמאן, אטלאנטא, זאגט, אז דער אטלאנטער בר. פארמאגט 12 הונדערט ביכער. די ביבליאטעק איז אביסעל פארנאכלעסיגט געווארען, וויל מיר זיינען געווען פארנומען מיט אויפבויען די אידישע שול. איצט אבער האבען מיר ווידער איינגעארדענט די ביבליאטעק און מיר האבען אויסגעשריבען אלע נייע ביכער, וואס זיינען ערשינען פאר די לעצטע צוויי יאר.

פר. פרימאן, טשאטאנוגא, באריכטעט, אז עס איז אונמעגליך פאר זיי צו גרינדען א ביבליאטעק ביז וואנען זיי וועלען ניט האבען קיין קלאב-רומס.

פר. סאקאל, בוירמינגהעם, באריכטעט, אז ווען זיי האבען געהאט איינענע קלאב-רומס האבען זיי געהאט א ביבליאטעק. איצט האבען זיי ניט מער קיין קלאב-רומס און זיי קאנען דעריבער ניט אויפהאלטען די ביבליאטעק.

פר. בערלינער, דזשעקסאנוויל, באריכטעט, אז כאטש זיי האבען ניט קיין ליסעאום, פונדעסטוועגען האבען זיי א ביבליאטעק.

פר. לייבאוויטש, מייקאן, באריכטעט, אז זיי האבען 175 ביכער.

פר. ראזענבלום, מעמפיס, גיט איבער, אז זיי האבען א רייכע ביבליאטעק.

עס ווערט באשלאסען צו ווירקען אויף די ברענטשעס, וועלכע האבען נאך ניט קיין ביבליאטעק, אז זיי זאלען אזעלכע גרינדען.

### וועגען אידישע א.-ר. שולען

פר. שאפירא, אטלאנטא, זאגט, אז עפענען אידישע שולען דארף זיין ביי היינט צו טאג די וויכטיגסטע ארבייט פון די א.-ר. ברענטשעס. אונזערע קינדער זיינען פרעמד זייערע עלטערן סיי אין שפראך און סיי אין גייסט, די קינדער פארשטעהען ניט די שפראך פון די עלטערן און די פאבליק סקול לערנט אונזערע קינדער צו האסען די אידעאלען און שטרעבונגען פון זייערע עלטערן. ער דערצעהלט, אז די אטלאנטער א.-ר. שול האט פאר די 4 חדשים, וואס זי עקזיסטירט, אויסגעלערנט די קינדער לייענען און שרייבען אידיש און ערציהט די קינדער אין סאציאליסטישען גייסט.

פר. סאקאל, בוירמינגהעם, זאגט, אז זיינע קינדער זיינען פאלשטענדיג פרעמד צו איהם. די איינציגע זאך, וואס קען ברענגען אונזערע קינדער צוריק צו אונז, איז אן א.-ר. שול.

פר. פרימאן, טשאטאנוגא, זאגט, אז זיי האבען שוין געזאמעלט א פאנד פון 500 דאלאר פאר א שול און זיי האבען אויך רעגיסטרירט 40 קינדער און אין גיכען וועלען זיי עפענען אן א.-ר. קינדער-שול.

פר. שיינבערג, מעמפיס, זאגט, אז דער אפהאלט פון עפענען שולען איז וואס עס פעלען לערער.

פר. יאמפאלסקי, אטלאנטא, זאגט, אז מען דארף אויסווירקען, אז די נעקסטע קאנווענשאן פון א.-ר. זאל באשליסען א טעקס פון 1 דאלאר א קווארטאל פאר די אידישע א.-ר. שולען.

פר. בערלינער, דזשעקסאנוויל, זאגט, אז זיי וועלען אין א קורצע צייט ארום עפענען א אידישע א.-ר. שול.

פר. דייווים, אטלאנטא, זאגט, אז דער ארבייטער-רינג האט געגרינדעט אין ניו-יארק לערער-קורסען, וואס גרייטען צו לערער פאר די אידישע א.-ר. שולען און ער דענקט, אז אין לערער וועט קיין מניעה ניט זיין צו עפענען שולען.

עס האבען אויך גערעדט פערלמאן און ראזענבלום, מעמפיס, בערג און פיינבערג, אטלאנטא. כמעט אלע רעדנער האבען געזאגט, אז זיי זיינען באגייסטערט פון דער אונטערנעמונג, וואס די קינדער פון דער אטלאנטער א.-ר. שול האבען דורכגעפירט היינט ביטאג. איניגע דעלעגאטען האבען געזאגט, אז זיי האט זיך געשטעלט טרערען אין די אויגען ווען זיי האבען געהערט ווי די קינדער האבען פארגעליינעט און דעקלאמירט אין אידיש.

עס ווערט באשלאסען צו ווירקען אויף די ברענטשעס, אז זיי זאלען גרינדען אידישע א.-ר. שולען.

דריטע זיצונג. פר. דזשייקאבס, בוירמינגהעם, פארזיצענדער.

### וועגען סאציאליסטישע ארבייט אין די ברענטשעס

פר. טעבעט, אטלאנטא, אין נאמען פון אידישען בר. ס. פ., רעקאמענדירט, אז 1) יעדער ברענטש זאל ערוועהלען א ספעציעלע קאמיטע, וואס זאל טאן סאצ. ארבייט צוזאמען מיט'ן ס. פ. ברענטש. 2) דארטען וואו עס איז ניטא קיין ס. פ. בר. זאל די קאמיטע פון א.-ר. ברענטש שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט דעם הויפט אפיס פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע און טאן אליין סאציאליסטישע ארבייט. 3) אויב עס איז מעגליך, זאל דער א.-ר. בר. ווערען אויך א בר. פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע.

נאך א לענגערער דעבאטע, וואו כמעט אלע דעלעגאטען נעמען אן אנטייל, ווערט די ערשטע און צווייטע רעקאמענדאציעס אנגענומען.

עס ווערט באשלאסען, אז יעדער בר. זאל גרינדען א „דעבס קאמפיין קאמיטע", וואס זאל ארבייטען פאר דער ערוועהלונג פון אלע סאציאליסטישע קאנדידאטען אין די נעקסטע פרעזידענשעל וואהלען.

### ארגאניזאציאנס-ארבייט

פר. מיכל מערלין, אטלאנטא, זאגט, אז אין דעם סאוט-איסטערן דיסטריקט איז פאראן א גרויס פעלד פאר ארגאניזאציאנס-ארבייט. עס זיינען נאך פאראן פיל שטעט, וואו עס איז ניטא קיין א.-ר. ברענטשעס, ווי די שטעט: נאקסוויל און נעשוויל, טענעסי, מאביל און מאנטגאמערי, אלאבאמא, גאנץ נארד און סאוט קאראליינע. עס איז וויכטיג, זעצט פאר מערלין, אז מיר זאלען גרינדען א דיסטריקט קאמיטע, און אויב די דיסטריקט קאמיטע וועט זיין טעטיג, קאן מען דעם א.-ר. אין דער סאוט פיל גרעסער און שטארקער מאכען. ער גלויבט, אז דער גענעראל אפיס וועט אונז געבען די נויטיגע סומען געלט פאר ארגאניזאציאנס-ארבייט.

פאלגענדעס ווערט באשלאסען:

1. מען זאל גרינדען א דיסטריקט קאמיטע.
2. די דיסטריקט קאמיטע זאל באשטיין פון איין דעלעגאט פון יעדען ברענטש.
3. די דעלעגאטען צו דער ד. ק. זאלען ערוועהלט ווערען פון די ברענטשעס.
4. מען זאל ערוועהלען אן ארגאניזאציאנס-סעקרעטער, וואס זאל זיין פאראנטווארטליך צו דער ד. ק.
5. דער סעק. זאל יעדען חודש באריכטען פון זיין ארבייט צו די מיטגלידער פון דער ד. ק. און די מיטגלידער זאלען באריכטען צו די ברענטשעס.

פר. פרימאן, טשאטאנוגא, ווערט ערוועהלט פאר דיסטריקט ארגאניזאציאנס סעקרעטער.

### קאמפיין פאר נייע מיטגלידער

פר. מיכל מערלין, אטלאנטא, זאגט, אז מען זאל געבען פרייזען די מיטגלידער, וואס וועלען פארשלאגען די גרעסטע צאל קאנדידאטען פאר מיטגלידער.

פר. לייבאוויטש, מייקען, איז געגען מאכען א קאמפיין פאר מיטגלידער, ווייל עס כאפט זיך אריין ניט קיין געווינשטער עלעמענט.

פר. ראזענבלום, מעמפיס, זאגט אז דער איינציגער מיטעל אריינצוקריגען מער מיטגלידער איז, אז די ברענטשעס זאלען זיין טעטיג אויף די פארשידענע געביטען פון א.-ר. ער דערצעהלט, אז זייער בר. האט ביינעשטייערט 35 הונדערט דאלאר פאר א אידישען האספיטאל אין מעמפיס, האבען א לאנגע צייט אויסגעהאלטען פינאנציעל זייערען א מיטגליד מיט דער פאמיליע און דאס, און צוליב אנדערע זאכען, איז זייער בר. פאפולער געווארען אין שטאט און האבען אריינגעקראגען נייע מיטגלידער.

פר. יאמפאלסקי, אטלאנטא, דערצעהלט, אז דער אטלאנטער ברענטש האט פאר א לאנגע צייט געשטיצט מיט 25 דאלאר א וואך א קראנקען מיטגליד מיט זיין פאמיליע און האבען איהם ניט דערלאזען, אז זאל אנקומען צו טשאריטי.

די דעלעגאטען פון סאוואנא, בוירמינגהעם און דזשעקסאנוויל דערצעהלען אויך פון זייער טעטיגקייט און חבר'ישע באציהונגען צו זייערע מיטגלידער און דערפאר האבען זייערע ברענטשעס געוואונען דעם רעספעקט און צוטרויען פון דער ארטיגער באפעלקערונג, און דאס האט געמאכט וואקסען די צאל פון די מיטגלידער.

א פארשלאג פון פר. בערג, אטלאנטא, ווערט אנגענומען, אז די חדשים פון נאוועמבער און דעצעמבער זאלען זיין א צייט פון קאמפיין פאר נייע מיטגלידער.

א פארשלאג פון בערג, אטלאנטא, ווערט אנגענומען, אז ביז דער נעקסטער קאנווענשאן פון א.-ר. זאל מען זיך באנוצען מיט די אלטע פרינציפען פון ארבייטער-רינג קאנסטיטושאן.

פערטע זיצונג, טען סעסס. 8 דעם זייגער ביי־טאג. פר. ראזענבלום, מעמפיס, פארזיצענדער. פר. סאקאל, בירמינגהעם, ווייס־טשערמאן.

### רעליף־טעטיגקייט

פר. מאריס מערלין, אטלאנטא, זאגט, אז אונזערע רעגעלע ביישטייערונגען צו דער פיפעלס רעליף זיינען נים גענוג. ער אפעלירט, אז יעדער בראנטש זאל מאכען ספעציעלע אונטערנעמונגען פאר דער פיפעלס רעליף.

יעדער דעלעגאט באטאנט די וויכטיגקייט, אז די געלדער, וואס מיר זאמלען פאר'ן רעליף, זאלען אוועקגעשיקט ווערען צו דער פאלקסהילף קאמיטע אין נ. י., וואס ווערט פארוואלטעט פון די דעמאקראטישע שיכטען פון די אידען אין אמעריקא.

א פארשלאג פון בערג, אטלאנטא, ווערט אנגענומען, אז אין יעדער שטאט זאל מען גרינדען א פ. ה. ק. אין די שטעט, וואו עס זיינען נישטא קיין אנדערע ראדיקאלע ארגאניזאציעס אויסער דעם ארבייטער־רינג, זאל דער א.־ר. ערוועהלען א קאמיטע, וואס זאל זאמלען געלט און אוועקשיקען צו דער פ. ה. ק. אין ניו־יארק.

א פארשלאג פון מיכעל מערלין, אטלאנטא, ווערט אנגענומען, אז אין דעצעמבער מאנאט זאל מען מאכען א „דרייוו" פאר די רעגעלע אפצאהלונגען צו דער פיפעלס רעליעף פאר'ן יאר 1921.

עס ווערט אויך באשלאסען, אז די פראפיטען פון די ספעציעלע אונטערנעמונגען פון די בראנטשעס פאר'ן רעליף זאל אוועקגעשיקט ווערען צום הויפט אפיס פון א.־ר. פאר'ן רעליף פאנד.

### ארבייטער־רינג פרויען־קלאבס

פריינדין מארעס, אטלאנטא, באריכטעט, אז פאר דער קורצער צייט וואס דער אטלאנטער א.־ר. פרויען־קלאב עקזיסטירט, האבען זיי שוין אויפגעטאן וויכטיגע ארבייט. זיי האבען אויך אנגעצייכענט א פראגראם פון קולטורעלע ארבייט, אבער צוליב דעם טויט פון דריי מיטגלידער פון קלאב האבען זיי נים געקענט דורכפירען די ארבייט. דער קלאב האט געגעבען א וויקטראלא אלס מתנה צום א.־ר. לייסעאום.

א פארשלאג פון פר. שיינבערג, מעמפיס, ווערט אנגענומען, אז די א.־ר. פרויען־קלאבס זאלען האבען דאס רעכט צו שיקען א דעלעגאט מיט א באשטימונגס־רעכט צו די דיסטריקט קאנפערענצען.

א פארשלאג פון מיכל מערלין, אטלאנטא, ווערט אנגענומען, אז יעדער בר. פון סאוט־איסטערן טעריטאריע זאל נאכ'ן נעקסט שיקען א דעלעגאט צום א.־ר. קאנווענשאן. דער נעקסט זאל געהן לויט די נומערן פון די בראנטשעס.

דער נעקסטער צו שיקען א דעלעגאט זאל זיין יענער בראנטש, וואס האט נאך נים געשיקט קיין דעלעגאט צו די קליינע קאנווענשאנס פון א.־ר.

עס ווערט באשלאסען, אז מען זאל פאדערן פון דזשענעראל אפיס, ער זאל דעקען די הוצאות פון דער קאנפערענץ, אז יעדען יאר זאל אפגעהאלטען ווערען א קאנפערענץ פון די סאוט־איסטערן בראנטשעס און אז די נעקסטע קאנפערענץ זאל אפגעהאלטען ווערען אין טשאטאנוגא, טענעסי; אז דער רעפערענדום פון די באשלוסען פון דער קאנפערענץ זאל זיך שליסען דעם 24טען אקטאבער, 1920, און אז מען זאל שטיצען די קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען.

### אנגענומענע רעזאלוציעס ביים קאנפערענץ

עס ווערט אנגענומען א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די בראנטשעס זיי זאלען זאמלען געלט פאר'ן 100 טויזענט דאלארדיגען פאנד, וואס דער י. ל. פרץ שרייבער פאראיין האט זיך אונטערגענומען צו שאפען, צו שטיצען די אידישע שרייבער אין רוסלאנד.

א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די בראנטשעס זיי זאלען גרינדען ארבייטער־רינג פרויען־קלאבס. מען פאדערט אויך אויף דעם דזשענעראל אפיס פון ארבייטער־רינג ער זאל אויפמונטערן די בראנטשעס איבער'ן גאנצען לאנד צו גרינדען אזעלכע קלאבס.

א רעזאלוציע, אז דער גענ. אפיס פון א.־ר. זאל אנווענדען אלע קרעפטען ארויסצוקריגען משאר־טערס פאר דעם ארבייטער־רינג אין די סטייטס, וואו ער איז נאך נים לעגאליזירט.

דער טשערמאן ערקלערט, אז די געשעפטען פון קאנפערענץ זיינען ערליידיגט און ער שטעלט פאר דעם „זיידען" פון אטלאנטער בראנטש, פר. י. ש. יאמפאלסקי.

שוין 13 יאר, אז איך בין אין דער סאוט, זאגט פר. יאמפאלסקי. פאר מיינע אויגען איז דא אויסגעוואקסען די ראדיקאלע באוועגונג. אין די ערשטע יארען פון אונזער קומען אין דער סאוט זיינען מיר געוועזען איינזאם, איינזאם געזעלשאפטליך. איצט האבען מיר א גרויסע רייכע סביבה, 7 ארבייטער־רינג בראנטשעס, וועלכע פאראייניגט אונז אלעמען צו טאן סאציאליסטישע און אידישע קולטורעלע ארבייט.

דעם נעקסטען שטעלט דער טשערמאן פאר פר. דייוויס, אטלאנטא. צווישען אנדערעס זאגט ער: מיר, די אידען פון אמעריקא, זיינען איצט דער געזינטסטער טייל פון אידישען פאלק און דערפאר ליגט אויף אונז דער חוב צו טאן די אידישע קולטורעלע ארבייט, וועלכע אונזערע חברים, די בונדיסטען, האבען געטאן אין רוסלאנד.

פאר דער פראווינץ, זאגט פר. מיכל מערלין, אטלאנטא, איז דער ארבייטער־רינג וויכטיגער אײדער פאר די גרויסע אידישע צענטרען, ווייל אין דער פראווינץ פארנעמט דער א.־ר. דעם פלאץ פון דער סאציאליסטישער פארטיי. באמ'ש דער א.־ר. איז נים קיין פארטיי, פונדעסטוועגען זיינען די פירער און די טעטיגסטע מיטגלידער זיינע גוטע סאציאליסטען. דער סאציאליזם איז די נשמה פון ארבייטער־רינג.

פר. שיינבערג, מעמפיס, זאגט, אז דער ערפאלג פון א.־ר. איז ווייל ער איז אונפארטייאיש און פאראייניגט אלע ריכטונגען אין דעם סאציאליזם. די אויפגאבע פון אונזערע אידישע שולען דארף זיין נים נאר צו מאכען אונזערע קינדער פאר גוטע סאציאליסטען, נאר אויך פאר גוטע אידען.

דער טשערמאן, פר. ראזענבלום, זאגט, אז צום ערשטען מאל אין דער היסטאריע פון ארבייטער־רינג פון דער סאוט ווערט אפגעהאלטען א קאנפערענץ פון אלע סאוט־איסטערן בראנטשעס. באמ'ש מיר זיינען נים קיין ארבייטער, פונדעסטוועגען האבען מיר זיך פארזאמעלט און אפגעזעסען צוויי לאנגע טעג און פארהאנדעלט פראגען, וואס זיינען פאר דעם גליק און וואוילזיין פון דעם ארבייטער־קלאס. דער קאנפערענץ, זאגט ער ווייטער, האט אויפגעטאן גוטע און וויכטיגע ארבייט. ער ערקלערט, אז די זיצונג איז געשלאסען און די אפיציעלע שליסונג פון דער קאנפערענץ וועט פארקומען היינט אווענט ביים באנקעט, וואס איז ספעציעל ארראנזשירט געווארען לכבוד די דעלעגאטען.

די קאנפערענץ האט זיך געשלאסען מיט א פרעכטיגען באנקעט, וואו עס איז געזאמעלט געווארען 152$ פאר דער „נייער וועלט".

י. שיינבערג, ל. שאפירא, סעקרעטאריעס.

---

## הארלעמער אידישע ארבייטער־רינג שול־קאנפערענץ

דעם 5טען דעצעמבער, 1920, איז פארגעקומען א קאנפערענץ אין 143 איסט 103טע סטריט, צו ערוועהלען א נייע פארוואלטונג פאר דער הארלעמער אידישער ארב.־רינג שול און פאר דעם קולטור־צענטער. עס זיינען געוועזען פארטראטען די בראנטשעס 554, 211, 501, 352, 399, 185, 324 און 53 דורך 20 דעלעגאטען; דער אידישער ס. פ. בר. פון הארלעם—1 דעלעגאט; די שול־פארוואלטונג—4 דעלעגאטען, און דער קולטור־צענטער—2 דעלעגאטען. צוזאמען 27 דעלעגאטען. נאכדעם ווי פר. י. לעווין עפענט די קאנפ. מיט א קורצער רעדע, ווערט פריינד מאגידסאן ערוועהלט אלס טשערמאן און נ. חייט אלס סעק. עס ווערט פארגעלעזען און ג.־נ. דער פראטאקאל פון קאנפערענץ פון דעם יאר 1919.

פר. שקלאר, דער טשערמאן פון דער שול־פארוואלטונג גיט אפ א באריכט פון דער שווערער ארבייט, וואס די פארוואלטונג האט געהאט דעם פארגאנגענעם יאר:

ווען די פארוואלטונג איז אריין אין קראפט איז די שול געווען אין גאר א גרויסען דעפיציט. די פארוואלטונג איז געווען געצוואונגען דורכצופירען עטליכע אונטערנעמונגען דעם דעפיציט גוטצומאכען. זי האט דעם א.־ר. געעפענט נייע קלאסען. זי האט אויך געעפענט א מוזיק־שול פאר פידעל און פיאנא, א באזונדער קלאס פאר דעקלאמאציע, א קלאס פאר טאנצען. זי האט אויך איינגעפיהרט אידישע סטענאגראפיע און טייפרייטינג. צוליב די גרויסע אויסגאבען איז די פארוואלטונג געווען געצוואונגען צו העכערן דעם שכר־לימוד אויף 50 סענט א חודש.

די פארוואלטונג האט דעם יאר אונערמידליך געארבייט צו שאפען א היים פאר דער שול, און דאס האט זיך איר איינגעגעבען.

זי האט ארגאניזירט אן עלטערן פאראיין, וועלכער פארשפרעכט צו טאן גוטע ארבייט. זי האט דורכגעפירט אין לעבען אלע באשלוסען פון דער ארב־רינג קאנווענשאן בנוגע די א.־ר. שולען.

פריינד י. לעווין גיט אפ א באריכט פאר די לערער פון שול:

די ארב־רינג שולען, זאגט ער, זיינען אן אפלייקענונג פון דער תלמוד־תורה, פון דעם אלטען חדר און אויך פון די העברעאיש־נאציאנאלע שולען.

די ארב.רינג שולען זיינען פאלשטענדיגע ראדיקאלע אידישע שולען. זיי זוכען אין דעם קינד צו ערוועקען אזעלכע געפילען און געדאנקען, אז ווען די קינדער וועלען אויפוואקסען זאלען זיי זיין די פארזעצער און טרעגער פון אלע גוטע אידעאלען אויף דער אידישער גאס. עס ווערען מיט די קינדער געלערנט לייענען און שרייבען אידיש, די אידישע געשיכטע נאך די מאדערנע פארשער, די אידישע ליטעראטור, קולטור־געשיכטע. עס ווערט אין די קינדער איינגעפלאנצט א ליבע צו פרייהייט. דורך די פארשידענע געשפרעכען מיט די קינדער איבער פארשידענע פראגען. די קינדער זיינען ארגאניזירט אין באזונדערע קלובען, נאך זייער עלטער נאך, וואו זיי אליין זיינען די אנפירער. דער עלטערער קלוב האט דעם יאר ארויסגעגעבען צוויי זשורנאלען, וועלכע זיינען אויסגעצייכענט פאר אנפאנגער. זיי מאכען יעצט פארבארייטונגען פאר א דריטען זשורנאל, אזוי אז עטליכע קינדער וועלען זעהר מעגליך וואקסען גוטע אידישע שרייבער. די קינדער־קלובען פירען דורך פון צייט צו צייט אונטערנעמונגען, פארשטעלענדיג גאנצע אקטען, וועלכע זיינען נים שלעכט דורכגעפירט. זיי האבען דורכגעפירט אן אונטערנעמונג מיט א גוטען פראפיט פאר די קינדער־היימען אין ווארשע. דורך די זומער־מאנאטען ווערען געמאכט פארשידענע ארויספארונגען אין פארקס. ער ערקלערט, אז די לערער מיט דער פארוואלטונג פלאנעווען יעצט א זומער־קאלאניע פאר די קינדער, וואו זיי אליין וועלען זיין בעלי־בתים. די נייע פארוואלטונג וועט האבען אויך זיך די אויפגאבע צו עפענען א מיטעל־שולע דעם קומענדען יאר. דער עלטסטער קלאס וועט אין מאי ענדיגען די אנפאנגס־שול, און פאר זיי וועט מוזען געעפענט ווערען א מיטעל־שולע, וואו זיי זאלען פארזעצען דאס לערנען. די נייע פארוואלטונג וועט אויך זיך האבען די אויפגאבע צו עפענען נייע קלאסען פאר מאלעריי.

פריינד ראזענפעלד, דער סעק. פון דעם קולטור־צענטער און הויז־פארוואלטונג, גיט אפ א באריכט: פון דער גרויסער און שווערער ארבייט, וואס דער צענטער מיט דער שול־פארוואלטונג האבען אויפגעטאן דעם פארגאנגענעם יאר, נעמענדיג אין אנבאטראכט דאס כמעט אלע הארלעמער בראנטשעס האבען געמוזט אומוואנדערן פון איין האל צו א צווייטען, נים האבענדיג קיין מיטינג־לאקאל, ווייל מען האט זיי נים געוואלט פארדינגען אין ערגיץ, האט מען געמוזט שאפען א היים פאר זיי אלע. דער קולטור־צענטער האט די פראגע געלייזט. די הויז 143 איסט 103טע סטריט איז געקויפט געווארען פאר 18,500 דאלאר. איינגעצאלט האט מען ‎$4000.00. די געלט האט דער קולטור־צענטער צוזאמען מיט דער שול־פארוואלטונג געשאפען דורך 15דאלארדיגע שערס, וועלכע זיינען פארקויפט געווארען צו א.־ר. בראנטשעס און צו איינצעלנע מיטגלידער, און אויך דורך אונטערנעמונגען. די געלט, וואס די קאמיטע האט דעם יאר פארטאן פאר דער הויז, צוזאמען מיט דער ערשטער איינצאלונג, באטרעפט איבער 9000 דאלאר. אין דער הויז איז דא פלאץ פאר אלע הארלעמער בראנטשעס, פאר דער סאציאליסטישער פארטיי, די הארלעמער אידישע א.־ר. שול און אנדערע פראגרעסיווע ארגאניזאציעס. א ספעציעלער קלוב פאר דער הארלעמער ארבייטערשאפט, וואו זיי פארברענגען זייער פרייע צייט, שפילענדיג שאך, לעזענדיג א בוך א. ד. ג. אין דעם הויז געפינט זיך א ביבליאטעק אויף א. ווייטערס נאמען מיט איבער 1000 ביכער און זשורנאלען.

די הויז־פארוואלטונג האט איינגעארדנעט די הויז אזוי, אז זי באצאלט זיך נאך מער ווי די פארוואלטונג האט ערווארטעט.

פר. הורוויץ, דער פינאנץ־סעק. פון דער שול, באריכטעט, דאס אין דער שול געהען יעצט 361 קינדער. פארשריבען האבען זיך דעם יאר 673 קינדער. לערער אין דער שול געפינען זיך 8, און פאר די צווייטע לימודים: מוזיק, געזאנג — 8. דער אפיס געפינט זיך אין א גוטען צושטאנד. די ביכער ווערען געפירט נאך דער מאדערנער פארם פון בוכהאלטעריע.

איינקונפט פון אקט. 1919 ביז אקט 1920 איז געווען: 7009 דאל. מיט 24 סענט. די אויסגאבען פון אקט. 1919 ביז אקט. 1920: 8026 דאלאר מיט 22 סענט. נעט דעפיציט פאר דעם א.־ר.: 1016 דאלאר מיט 93 סענט.

נאך א קורצער דעבאטע ווערט באשלאסען, אז ס'זאל ערוועלט ווערען א גרויסע פארוואלטונג פאר דער שול און קולטור־צענטער. די פארוואלטונג זאל זיך איינטיילען אין באזונדערע קאמיטעס. די פאלגענדע זיינען די דעלעגאטען, וועלכע זיינען ערוועלט געווארען פון דער קאנפערענץ פאר דער נייער פארוואלטונג: שקורניק (211), מעטץ (501), ראזענצווייג (399), סינעל, גודמאן (393), ראזענפעלד (125), ס. שער (342), שניידער (554), זעלמאן (125), מאנידסאן (352), זאראנאדסקי (554), אלטער (185), פויזנער (35), לאטקער (352), ס. פאן און גאלדין (פון סאצ. בראנטש). די פאלגענדע 5 זיינען ערוועהלט געווארען פון דער אלטער פארוואלטונג: שקלאר (362), קאהן (352), ראזענפעלד (272), זעליגמאן (501) און חייט (99).

פאלגענדע באשלוסען זיינען אנגענומען געווארען:

1. צוצושטעלען א פאלשטענדיגען פינאנציעלען באריכט צו די בראנטשעס אין הארלעם.
2. צו עפענען א מיטעל־שול דעם קומענדען יאר.
3. צוצושטעלען באריכטען צו די בראנטשעס אלע האלב יאר.
4. דורכצופירען א גרויסע אונטערנעמונג פון אלע הארלעמער בראנטשעס פאר דער שול און צענטער.
5. צו באדאנקען די אלטע שול־פארוואלטונג, די לערער און דעם קולטור־צענטער.
6. אלע דעלעגאטען זאלען זעהן דורכפיהרען דעם 5־סענטיגען טעקס אין זייערע בראנטשעס.

נייטען חיים, סעק. פון קאנפערענץ.

---

ווערטער פריינד רעד. י. ב. ביילין:

די איינציגע אורזאך, נאך מיין מיינונג, וואר'ום דער „פריינד" איז נים קיין ערפאלג פון מאטעריעלען שטאנדפונקט איז, וואס איר נעמט נים אן קיין אדווערטייזמענטס. אייער סלאגאן (אדער שלאגווארט) דארף זיין דערזעלבינער. ווי פון די גרויסע מיליאנערען און טראסטס: אדווערטייזט! אדווערטייזט! אדווערטייזט! אן ערפאלגרייכער רעדאקטאר איז נישט נאר איינער וואס פארפולקומט דעם גייסטיגען אינהאלט פון זיין צייטונג, נאר מאכט אויך שטארק דעם מאטעריעלען. דעם בריף שרייב איך נאכדעם ווי איך האב דורכגעלעזען היינט, אין דעם לעצטען נומער פון „פריינד" וועגען דעם דורכפאל פון העכערן דעם ביל פאר'ן „פריינד".

מיט א.־ר. גרוס,
מ. בוראוויץ, נ. י.

# FRIEND

# פריינד

## אפיציעלער ארגאן פון ארבייטער רינג




### אינהאלט:

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

E. H. JESHURIN, National Chairman
I. ALPERT, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

L. ARKIN, Secretary National Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
R. SALTZMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

**Subscription Rates:**
**Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.**
**Single Copy, 5 cts.**

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XII February, 1921. No. 2

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

## די לעצטע פעסטונג

קאָנען מיר זיך פאָרשטעלען די געפילען פון די פראנצויזען אין דעם מאָמענט, ווען דייטשלאנד האָט קאפּיטולירט און די צוויי פּראָווינצען פון עלזאס און לאָטרינגיע זיינען אומגעקערט געוואָרען צו פראנקרייך? קאָנען מיר זיך ארייגקלערען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די איטאליענער, ווען זיי האָבען צוריק באקומען פון עסטרייך די לעצטע איטאליענישע פּראָווינצען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אָפּגע'חלומ'ט אזוי פיל יאָרען וועגען „איטאליא אירדענטא"?

מאסאטשוזעטס איז געווען די „טערא אירדענטא" פון ארבייטער־רינג, די אומאויסגעלייזטע מדינה. דרייצען פאַרוואלטונגען פון אונזער אָרדען זיינען געקומען און אוועקגעגאנגען און מאסאטשוזעטס איז נאָך אלץ געבליבען אויסער דער מאפּע פון ארבייטער־רינג. דרייצען פארוואלטונגען האָבען געמאכט אויסגעוועהנליכע אָנשטרענגונגען, געזוכט וועגען און תחבולות ווי אזוי אריינצופירען די א.־ר. פאָן אין דעם גרעסטען שטאט פון ניו־ענגלאנד, אָבער אלץ אָן קענטיגען ערפאָלג.

און עס האָט שוין אָנגעהויבען אויסצוקוקען ווי אַ „א י ר ב י ג ע „אירדענטא" . . . די מאסאטשוזעטס פראגע איז געווען דער אומעטיגסטער מאָמענט אויף די לעצטע א.־ר. קאָנווענשאָנס. נאָך די אלע פייערליכע און ווירקליך שטאָלצע באריכטען איז שטענדיג דער באריכט וועגען די שוועריגקייטען אין מאסאטשוזעטס געקומען ווי אַ שווערער וואָלקען, וואָס שטיקט און דריקט מיט זיין אומענדליכקייט. אנדערע האָבען שוין אָנגעהויבען צו גלויבען, אז דאָס איז אַ „באשערטע" טראגעדיע פאַר דעם ארבייטער־רינג און פאַר דעם לייבאָר־ליעג, די טראגעדיע פון דעם געליבטען און דער געליבטער, וואָס געהען אוים איינע נאָך די אנדערע, אָבער וואָס ווערען זיך קיינמאָל, קיינמאָל נישט צוזאמענקומען און צוזאמענגיסען זיך אין ליבע.

און מיט אמאָל, דורך די וויבריוענדע דראָטען — „מאסאטשוזעטס איז עראָבערט! מאסאטשוזעטס איז גענומען! באסקין און ישורין פירען שוין מיט זיך דעם טשארטער פון באָסטאָן!"

איז עס נישט אַ דופּליקאט פון די היסטאָריש־געוואָרענע אירדענטא'ס, אין מיניאטור?

האָבען מיר נישט געפילט אַ שטיקעל טעם פון דער נאַציאָנאלער שכרות, וואָס די צוויי לאטיינישע פעלקער האָבען דורכגעלעבט?

עס וואָלט אָבער נישט געווען גאָר ריכטיג אונזער „און מיט אמאָל" . . . עס איז נישט געקומען ווי אַ נס מן השמים, אומדערוואַרטעט, אומפאָראויסגעזעהן. פאַרקערט: אלע פיבערן פון דער לעגאליטעט־קאָמיטע און פון אָפּיס זיינען לעצטענס געווען אָנגעשטרענגט אויף דעם פּונקט. עס איז אומאויפהערליך אָנגעפירט געוואָרען אַן עקשנות'דיגע און עבודת־פּרכ'דיגע ארבעט. וואָס האָט מען נישט געטאָן און וואָס האָט מען נישט פאַרזוכט! עס איז געוואָרען איינע פון די גרעסטע אויפגאבען פון ארבייטער־רינג און אלץ האָט געדאַרפט קאָנצענטרירט ווערען אויף דער פּאָזיציע, אויף דער הארטנעקיגער, פאַרשאנצטער פעסטונג.

דער ביטערער קאמף אין א.־ר. אין 1916 און 1917 ארום דער פראגע פון „פּראָטווירנאל רייטס" איז אין גרונד גענומען געווען אַ פאַר־מאָנעוורע צו נעמען מאסאטשוזעטס. די ווייטערדיגע קאמפּאַניע איז שוין געפירט געוואָרען אויף אַ זיכערערן באָדען. דאָס, וואָס מיר האָבען יעצט געוואונען, איז אַ רעזולטאט פון אַ שותפות'דיגער ארבעט פון אַ רייהע פאַרוואלטונגען אין א.־ר. פאַר די לעצטע עטליכע יאָר.

פונדעסטוועגען קומט אַ גרויסער טייל פון דעם קרעדיט דער יעצטיגער פאַרוואלטונג. אונטער איר פאַרגרעסערטען דרוק און אָנשטרענגונג איז די ארבעט פאָרענדיגט געוואָרען. זי האָט אָנגעצויגען אלע פעדים פון געוועב און פאַרפאַרטיגט דעם פרעכטיגען געוואנט. זי האָט געלאָזט אין גאנג אלע מאָטאָרען פון ענערגיע און איינער פון די שענסטע חלומות פון די א.־ר. טוער פאַר'ן לעצטען צענדליג יאָרען איז געוואָרען אַ ווירקליכקייט.

מיר וועלען האָבען אין איינעם פון די קומענדיגע נומערן „פריינד" אַ רייהע ארטיקלען וועגען דער גאנצער געשיכטע פון דעם שווערען קאמף און וועגען זיינע פאַרשידענע אינטערעסאנטע עפּיזאָדען. דאָס איז איינער פון די וויכטיגסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אונזער אָרדען. מיר וואָלטען נאָר דאָ וועלען אָנווייזען אויף דער סימפּאטאָמאטישער זייט פון אָט דער באדייטענדער עראייגניס.

מאסאטשוזעטס איז נישט נאָר דערפאַר געווען אזא שווערע פעסטונג צו נעמען, ווייל קורצזיכטיגע און ענגהערציג־אמביציעזע מענשען פון אַ כלומר'שט צווייטען לאגער האָבען געשטערט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס זי האָט די שטרענגסטע און גענויעסטע געזעצען וועגען געגענזייטיגער פאַרזיכערונג און דערצו נאָך אזעלכע באאמטע אין אינשורענס דעפּאַרטמענט, וואָס ווייכען נישט אָפּ אויף אַ שאָטען פון אַ האָר פון דעם בוכשטאב און גייסט פון געזעץ. אזא קאָמבינאציע פון אומשטענדען איז זעלטען. אונזער אָרדען האָט געדאַרפט האָבען אַן אויסערגעוועהנליכע צאָל זכיות כדי אדורכצודרינגען דורך אזא געריכטער זיפּ פון די געזעצען אין די הענט פון אזעלכע פעראנטען און עקסטרעם־ערליכע באאמטע פון אינשורענס דעפּאַרטמענט. אין דער צייט, ווען פאַרשידענע אָרדענס קלאַפּען נאָך אלץ אָן ערפאָלג אָן די טויערן פון מאסאטשוזעטס, ווייל זיי קאָנען נישט אויסהאלטען דעם שווערען „עקזאמען", וואָס דער שטאט מאסאטשוזעטס פאַרנימט זיי — האָבען מיר, אין פּנים פון אזויפיל זייטיגע שטרויכלונגען און געגנערשאַפטען, אויסגעהאלטען דעם עקזאמען.

זאָלען דאָס גוט געדענקען אלע אונזערע טוער אין דעם יעצטיגען מיטגלידערשאפט קאמפּיין, יעאָס מיר פירען. איר אָניטירט אריינצוגעהן אין דעם זיכערסטען און מעכטיגסטען אָרדען, וואָס ארבעטער האָבען זיך אין ערגעץ־וואו ווען באשאפען.

זאָלען דאָס אויך אין זינען האָבען אונזערע ליבע פריינד פון טאָראָנטאָ, וואָס דאַרפען אראָפּשלינגען אַ שטיקעל אנטוישונג און מבטל מאכען אלע פּלענער, וואָס זיי האָבען געמאכט פאַר דער 21־ער קאָנווענשאָן ביי זיך אין שטאָט. די א.־ר. קאָנווענשאָן אין באָסטאָן דעם יאָר איז אַ סימבאָל פון אַ וויכטיגען עטאַפּ, וואָס דער א.־ר. האָט יעצט דערגרייכט.

עס איז שוין נישט געבליבען קיין איין באדייטענדער פּלאַץ אין דער ריזיגער טעריטאָריע פון די פאראייניגטע שטאטען און קענעדא, וואו די פאָן פון א.־ר. זאָל נישט קאָנען פלאטערן פריי און אָפען!

זאָלען מיר זיך שוין נעמען מיט פרישע כחות צו אונזער ווייטערדיגער ליבער און הייליגער ארבעט!

**סאניטאריום טאג**

כאטש מיר פייערן שוין צום עלפטען מאל
דעם יובילעאום פון אונזער א.־ר. סאניטאריום
אין ליבערטי האט נאך אלץ אט דער א.־ר. יום־
טוב נישט פארלארען ביי אונז זיין פרישקייט און נייסייט. צי
איז עס דערפאר, וואס אונזער עולת דערוויסט זיך אלץ מער און
מער וועגען אונזער סאניטאריום אויפטו און דאריבער ווערט
דער אינטערעס א ברייטערער? צי איז עס דערפאר, וואס
אונזער סאניטאריום האלט זיך אלץ אין איין פארפאלקאמענען,
אין טעכנישען הינזיכט אזוי גוט ווי אין געזעלשאפטליכען, און
ווערט באנייט פון יאר צו יאר? — מעגליך, אזביידע אור־
זאכען ווירקען דא. יעדען יאר באזוכען דעם סאניטאריום עט־
ליכע טויזענט מענשען, באסענען זיך מיט אים און מיט זיין
וואונדערבארער ארבעט און צוטראגען דאס אין אלע אונזערע
ברענטשעס אזוי גוט ווי אין אנדערע ארגאניזאציעס. פונדעסט־
וועגען זיינען נאך פאראנען גענוג, גענוג א.־ר. מיטגלידער, וואס
ווייסען כמעט ווי גארנישט פון אונזער שענסטער אינסטיטוציע
און ווען זיי דערהערען וועגען דעם ליבערטי סאניטאריום קאנ־
קרעטע פאקטען, פון מענשען, וואס זיינען אליין דארט געוועז,
געזעהן און געהערט, עפענען זיי אויף מויל און אויערן. עס
טרעפט ווען איינער גיט אייך אפענהערציג צו: „ווען איך וואלט
עס פריהער געוואוסט, וואלט איך דאך אפילו אין צייט פון כעס
פארשפארט גרינגצושעצען אונזער ארבייטער־רינג“ . . .

עס איז אבער אויך די פארפאלקאמענונג פון סאניטאריום,
וואס שפילט דא א ראליע. מיר זיינען דאך געוועזן מיט עלף יאר
צוריק „גרין אין די ביזנעס“. מיר האבען געמוזט נעשטרוי־
כעלט ווערען מיט פיל טעות'ן און צאלען רבי־געלט מיט א פולער
האנט. אבער דערפאר האבען מיר גערולדיג געלערנט, געצאלט
און געלערנט, געקריגען דערפארונג, נישט נאר אין דער טעכני־
שער באלעבאטישקייט, נאר אויך ווי נוהג צו זיין זיך מיט קראנ־
קע מענשען, מיט דענערווירטע מענשען. און מיט יעדען יאר
איז אונזער דערפארונג געוואקסען. מיר האבען מער געלערנט
און ווייניגער פארגעסען. און ווען עס וואלט איצט איינער
אריינגעקומען אין סאניטאריום, וואס איז דארט געווען מיט 4־5
יאר צוריק — וואלט ער געווים פיל, פיל זאכען נישט דער־
קענט . . .

די סאניטאריום קאמיטע פון דעם יאר איז אין דעם פרט
אויך געוועזן זעהר ערפאלגרייך. די באציהונגען צווישען דער
פארוואלטונג און די פאציענטען קומען שוין צו נאהענט צו דער
שטופע פון אידעאלע באציהונגען. מיר האבען כמעט ווי גע־
לייזט איינעם פון די שווערסטע פראבלעמען, וואס זיינען ביי
אונז געווען אין פארבינדונג מיט'ן סאניטאריום.

און ווייל דער סאניטאריום־טאג איז אויך דעם יאר ענג
פארבונדען מיט אונזער רעליעף־טעטיגקייט פאר אונזערע אידען
אין איירапא און מיר גיבען אוועק דעם גאנצען איינקונפט פון די
יובילעאום־אונטערנעמונגען פאר אונזער רעליעף־פאנד, פאר־
דינט ער דעם נאמען יום־טוב אין ברייטען זינען פון ווארט און
אין טיפען זינען פון ווארט.

* * *

**קאנטרי אידען — וואוילע אידען!**

ראזעל איז א שטעטעלע, ארער
אפשר נאר א דערפעל, וואס איז שווער
צו געפינען אויף דער מאפע. פארען
אהין, כאטש דאס איז, פארהעלטניסמעסיג, נישט ווייט פון ניו־
יארק, איז פארבונדען מיט פארשידענע שוועריגקייטען. און קומט
מען שוין אהין, דארף מען זיין א משה אום צו קאנען שפאל־
טען די ימים פון בלאטעס און, להבדיל, א שערלאק־האלמס כדי
צו געפינען א שפור פון דער געסעל, וואס איר זוכט. עס גלויבט
זיך קוים, אז נישט ווייט פון דער גרויסער ניו־יארק זאל זיך
געפינען אזא פארווארפענער ווינקעל.

די זעלבע ראזעל האט א קליינעם אידישען ישוב און
א קליינעם א.־ר. ברענטש. זיי האבען נישט געהאט קיין פלאץ,
וואו צו פארזאמלען זיך. אויסער אין א נישט־באקוועמער שול...
געמוזט דארט זיצען אין די חיטלען, נישט נאר דערפאר, ווייל
עס איז א מקום־קדוש, נאר אויך דערפאר, וואס מ'איז פשוט
דארט געפרוירען געווארען פאר קעלט. האט מען באשלאסען
מיט די ארעמע כחות צו בויען אן א.־ר. לייבאר־לייסעאום. די
מיטגלידער אליין, וואס זיינען לרוב קארפענטערס, מויערערס,
בלעכערס א. א. וו., האבען אין זייער פרייער צייט, ביינאכט און
פארטאג (זונטאג האט זיי די יוניאן נישט ערלויבט), געגראבען,
געבויט, געמויערט און געקלאפט ברעט צו ברעט. ראזעלער
א.־ר. אידען האבען זיך אויסגעביטעלט, מ'האט מנדב געווען
מער ווי מ'האט געקענט, מ'האט זיך געאפערט מער ווי עס האט
זיך געגלויבט, און —

צו ערשטען טאג אין יאר האט זיך די שטעטעל אויפגע־
כאפט און דערזעהן פאר זיך א פארטיגען לייבאר־לייסעאום: א
ליכטיגע און ציכטיגע געביידע, א באשיידענער מאנומענט פון
שטילע, באשיידענע האראפאשניקעס . . .

און א שמחה איז געווען, וואו ביי קינד און קייט האבען
די אויגען געשטראלט און די הערצער איבערגעלאפען. עס איז
געווען די שמחה פון אלע א.־ר. ברענטשעס אין ניו־דזשוירזי
סטייט און דעלעגאציעס נאך דעלעגאציעס זיינען געקומען מיט
מתנות, מיט ברכות, מיט באוואונדערונג און גרוסען צו די בראַ־
ווע ארבעטער אידען אין ראזעל. און ווידער איז געזאמעלט
געווארען געלט צו פארגרעסערן דעם בנין, צו פארשענערן און
צו פארפאלקאמענען אים: אין דער קוים באגרייפליכער ענג־
שאפט האבען זיך צענדליגער הענט דורכגעשפארט מיט 25־ער,
צען־דאלערדיגע, פינף־דאלערדיגע צוויי־ און איין־דאלערדיגע
נדבות, ביז עס איז ווידער געזאמעלט געווארען אריבער טויזענט
דאלער . . .

ראזעלער אידען, ראזעלער א.־ר. טוער, מיר זיינען שטאלץ
מיט אייך!

* * *

**אונזער קינדער־רעליעף־וואך**

די שול־רעליעף־אקציע, וואס די נאציא־
נאלע עדיוקיישאנאל קאמיטע האט שטילער־
הייט אנגעפירט דורך די קינדער פון די אר־
בייטער־רינג שולען, האט איבערגעשטיגען מיט איר ערפאלג אלע
דערווארטונגען. ארום פיר טויזענט דאלער, אדער ארום דריי
מיליאן מארק אין פויליש געלט, איז געזאמעלט גע־
ווארען פון די קרוב פיר טויזענט קינדער, וואס לערנען אין די
א.־ר. שולען. אויב מיר האבען אין זינען די נעדריקטע צייט,
אין וועלכער מיר לעבען, דער קריזיס, די ארבעטסלאזינקייט, די
סטרייקס און לאקאוטס אין די אידישע ארבעטער־קווארטאלען
און אז גראד איז נאך אין דערזעלבער צייט אנגעפירט געווארען
פון „פארווערטס“ דער קאמפיין פאר דעם רוסישען פענסיל־
פאנד, מוזען מיר פשוט באוואונדערן די ענערגיע, וואס אונזערע
שול־קינדער האבען אנטוויקעלט. אבער מערקווירדיגער נאך
ווי די ענערגיע איז דער גייסט, דער ברידערליכער, ברייטער און
פרייהייטליכער גייסט, אין וועלכע אונזערע קינדער ווערען דער־
צויגען אין די ארבייטער־רינג שולען.

עטליכע א.־ר. ברענטשעס פון באלטימאר, שיקאגא, סט.־
פאול און מינעאפאליס, דערוויסענדיג זיך פון דעם קאמפיין פאר
די אידישע קינדער־היימען אין מזרח־איירапא, וואס אונזערע
א.־ר. שולען פירען אן, האבען אויך ביינעשטייערט שיינע סומען
פאר דעם וויכטיגען פאנד. ברענטשעס. וואס ווילען זיך אויך
ציילען אין אט דעם חיילינען חשבון, קאנען אריינשיקען זייערע
ביטראגען צו אונזער נאציאנאלער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

* * *

**מעדעם און זיין שליחות**

די האניג־טעג פון קבלת־פנים'ס און פייר־
עךליכער אויפנעמונג פון אונזער ליבען גאסט
וולאדימיר מעדעם זיינען שוין באלד צום סוף
און עס איז שוין צייט צו פארקלערן זיך ווי צו העלפען אדורכ־
פירען מעדעמ'ס וויכטיגע שליחות.

עס וואלט שוין כ'לעבען צייט געוועזן, אז דאס אריבערקומען
פון וויכטיגע איירапעאישע געסט זאל טאקע נאר אויסשליסליך
טראגען דעם כאראקטער פון זעהען זיך, באגריסען זיך, דורכצו־
בייטען זיך מיט מיינונגען און איינדרוסען און טאקע אויך צו
מאכען אט די באגעגנישען און קבלת־פנים'ס אזוי פייערליך
און איינדרוקספול, אז זיי זאלען בלייבען ביי אונז אומפאר־
געסליך. אבער די צייט איז נאך, ליידער, נישט געקומען. מיר
לינען נאך אלץ אין די טרענטשעס פון א ביטערן קאמף. מעדעם
איז דאס מאל צו אונז נישט געקומען גלאט צו־גאסט. ער איז
געקומען מיט א וויכטיגער מיסיע. ער דארף דא אין פארלויף
פון די נעקסטע צוויי, דריי חדשים קריגען גענוג פינאנציעלע
מיטלען פאר'ן „בונד“ אין פוילען, אז ער זאל ווייטער, און נאך
מיט מער קראפט און מעגליכקייטען, פארטזעצען זיין ארבעט
זיין היסטארישע רעוואלוציאנערע מיסיע.

מיר דערווארטען, אז אונזערע א.־ר. ברענטשעס וועלע
פארשטעהן דעם עיקר פון מעדעמ'ס קומען צו אונז און א
זיי וועלען נישט זיין פון די לעצטע אין דערפילען זייער חוב
צו „בונד“ און צו דעם אידישען פראלעטאריאט אין דעם בלו
טיגען עמלס־לאנד.

(ענד אויף דער 27טער זייט)

מאני לייב:

# דער ארבייטער־רינג

(הימנע)

ניט פון גאָלד איז דער ליכטיגער רינג,
אונזער רינג, אונזער רינג, —
נאָר ווי גאָלד איז די פּראַכט, וואָס פאַרבלענ.
פון דעם רינג, אונזער רינג;
און דער כשוף, וואָס ליגט אין זיין פּראַכט,
כשופ'ט וואונדער אין אונזערע הענט,
ווייל דער רינג, אונזער רינג
איז דער ארבייטער־רינג.

און די לויטערע פּראַכט, וואָס פאַרבלענדט
פון דעם רינג, אונזער רינג —
אונזער פריינדשאַפט, וואָס לייכט און באַזעלט
און דער כשוף, וואָס ליגט אין זיין פּראַכט —
אונזער קאַמף פאַר אַ שענערער וועלט.
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ליכטיגער רינג!
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ארבייטער־רינג!

ניט פון שטאָל איז דער ליכטיגער רינג,
אונזער רינג, אונזער רינג, —
נאָר ווי שטאָל אין דעם פייער צוגליט
איז דער רינג, אונזער רינג.
און פון גראָבע, פאַרמאַטערטע הענט
איז דער רינג, ווי מיט האַמערס געשמידט,
ווייל דער רינג, אונזער רינג
איז דער ארבייטער־רינג.

און דער רינג איז אין פייער צוגליט,
אונזער רינג, אונזער רינג —
אין דעם פייער פון פרייען פאַרשטאַנד;
און אים שמידט און אים האַמערט די נויט,
מיט איר שווערער און אייזערנער האַנט.
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ארבייטער־רינג!
אונזער רינג,
אונזער רינג,
אונזער ליכטיגער רינג!

מאני לייב'ס ארבייטער רינג הימנע מוזיק פון מ' פאזנער

Allegretto

Nit fun gold is der lich - ti - ger ring. un - ser ring, un - ser ring, un - ser ring. nor vi gold is di pracht vos far - blent fun dem ring. un - ser ring, un - ser ring un der ki - shef vos ligt in sain pracht ki - - sheft vun - der in un - se - re hent vail der ring, un - ser ring is der ar - bai - ter ring. vail der ring un - ser ring is der ar - bai - ter ring

# וועגען יערליכע קאָנווענשאָנס אין אַרבייטער־רינג

פון צביון

אמאָל זיינען עפּעס געווען א סך פראגען אין ארבייטער־רינג, וועלכע מען פלעגט אזוי היים דעבאטירען. וואו זיינען זיי אלע געבליבען? האָט מען די אלע פראגען שוין פארענטפערט, אָדער האָט מען זיי אינגאנצען פארגעסען? — אָט אזא שאלה שטעל איך מיר אמאָל ווען איך גיב א טראכט וועגען ארבייטער־רינג. און איך מוז זיך מודה זיין, אז ניט זעהר אָפט טראכט איך וועגען ארבייטער־רינג. עס איז פאראן די לעצטע צייט וועגען אזוי פיל צו טראכטען, אז עס סטאַיעט ניט קיין צייט אויף אלץ. און אין דער אמת'ן דארף מען דאָך מער טראכטען וועגען די אלע זאכען, וועלכע געהען ניט אזוי גלאט, וועלכע זיינען האלב אויף צרות, אָדער אינגאנצען אויף צרות. דער ארבייטער־רינג איז דאָך אָבער אין אלגעמיין „אָל־ראַיט", א חוץ זיין שאָדען אויף דער סאָציאליסטישער פארטיי און אויף די יוניאָנס געזאָגט געוואָרען. ניטאָ קיין איבעריגס צו באקלאָגען זיך אויפ'ן ארבייטער־רינג. זיין מיטגלידער־צאָל וואַקסט, זיין פארמעגען פארגרעסערט זיך, און טאָמער האָבען מיר געהאט א חשד, אז ער איז ניט וויסענשאפטליך נענוג, האָבען מיר דאָס יאָר די פולע וויסענשאפטליכע פראטוירנאל רייטס. און טאָמער האָבען מיר געהאט א חשד, אז ער איז געזעצליך ניט כשר גענוג, האָבען מיר ארויסגעוואָרפען פון זיין קאָנסטיטוציע די פּרינציפּען־ערקלערונג. און טאָמער האָבען מיר מורא געהאט, אז עס זאָל זיך אין אים ניט אנטוויקלען קיין דיקטאַטור פון באַשטענדיגע עקזעקוטיווע־לייט, האָבען מיר באשלאָסען, אז מער ווי דריי יאָר צייט נאָך דער רייה טאָר קיינער ניט בלייבען אין דער עקזעקוטיווע. און ווען איך גיב איין מאָל אין חודש, ווען איך באקום דעם „פריינד", אָדער איין מאָל אין דריי חדשים, ווען איך באקום מיין ביל פון ברענטש, א טראכט וועגען ארבייטער־רינג און פרעג זיך ווארום עס האָט אין ארבייטער־רינג אויפגעהערט צו עקזיסטירען פראגען און פראָבלעמען, ענטפער איך מיר גלייך אליין עכט אידישלעך מיט אן אנדער פראגע: פון וואנען זאָל דער ארבייטער־רינג כסדר נעמען נייע פראגען און נייע פראָבלעמען? די אלטע האָבען זיך אויסגעשעפּט און קיין נייע פראָבלעמען וואלגערן זיך ניט אין די גאסען, אז די עקזעקוטיווע מיטגלידער זאָלען זיי געהן אויפקלייבען און ברענגען אין אָפיס אריין.

אמאָל איז געווען אין ארבייטער־רינג אן אומענדליכע פארוואלטונגס־פראגע. עס איז געווען א פראגע, וועלכע, מען האָט געגלויבט, וועט זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּען. מען האָט יאָרען און יאָרען דעבאטירט און דיסקוטירט וועגען דער פארוואלטונגס־פראגע; מען האָט די פארוואלטונג געענדערט אויף אלע זייטען און מען האָט געמיינט, אז מען וועט זי קיינמאָל ניט אויפהערען ענדערן. אָבער אויך צו דער דאָזיגער אומענדליכער פראגע איז געקומען אן ענד. ווי עס זעהט אויס, האָט מען ענדליך דאָך אויסגעפונען די ריכטיגע פאָרם פון פארוואלטונג פון ארבייטער־רינג און זי וועט שוין בלייבען ביז דער סאָציאלער רעוואָלוציע אין אמעריקע.

און אמאָל פאלט מיר איין א געדאנק, אפשר צוריק באנייען די אלטע, אלטע פארוואלטונגס־פראגע. אָפט בין איך א סקעפּטיקער און פאנג אן צווייפלען, אויב מיר האָבען שוין דערגרייכט פולע הונדערט פּראָצענט פולשטענדיגקייט. נאָר ווייניגער ווי יעדער איינער פון ארבייטער־רינג בין איך צוגעפּאסט צו דיסקוטירען די פארוואלטונגס־פראגע. אין באצוג צו דער פארוואלטונג פון ארבייטער־רינג בין איך שוין געווען א באָלשעוויק, איידער די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט נאָך אויסגעבראָכען אין רוסלאנד. איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער אנהענגער פון צופיל דעמאָקראַטיע אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער־רינג. איך האָב קיינמאָל ניט געגלויבט אין דער צוועקמעסיגקייט פון א גרויכער עקזעקוטיווע. פאר מיר איז ניט בלויז אן עקזעקוטיווע פון דרייסיג געווען צו גרויס, נאָר אפילו אן עקזעקוטיווע פון זיבען איז פאר מיר אויך געווען צופיל. איך וואָלט זיך באגנוגענט מיט אן עקזעקוטיווע פון דריי מיט א צוגאָב פון א דירעקטאָרען־ראַט, וואָס זאָל זיך צונויפקומען איין מאָל אין א חודש אָדער אפשר איין מאָל אין צוויי חדשים.

דאָס איז אָבער א פּלאַן ניט צו דיסקוטירען. ער איז צו באָלשעוויסטיש, צו אנטי־דעמאָקראַטיש, און יעדער מיטגליד פון ארבייטער־רינג, וואָס האָט נאָר א ביסעלע דעמאָקראַטיע אין הארצען — און ווער האָט עס ניט? — מוז ווערען אויפגעציטערט, ווען ער זאָל דערהערען אזא פארוואלטונגס־פּלאַן. גלייכער דעריבער, אז איך זאָל די פארוואלטונגס־פראגע לאָזען צורוה. אויב עס איז שוין יאָ נויטיג איבערצולופּטערן די פארוואלטונגס־פראגע, זאָלען עס בעסער טאָן אנדערע, וועלכע זיינען ווייניגער באָלשעוויסטיש געזאָגען ווי איך. אויב שוין יאָ זינדיגען געגען דער דעמאָקראַטיע, וואָלט איך עס שוין בעסער טאָן בנוגע אונזערע קאָנווענשאָנס. אין דעם פּרט האָף איך ווייניגסטענס, אז אין ארבייטער־רינג וועלען זיך געפינען כאָטש א פּאָר מיטגלידער, וועלכע וועלען איינשטימען מיט מיר. איך מיין דאָ אונזערע יערליכע קאָנווענשאָנס פון ארבייטער־רינג.

מיין פראגע איז: צוליב וועלכען צוועק און צוליב וועמענס טובה דארף דער ארבייטער־רינג האָבען יעדעס יאָר א קאָנווענשאָן, וואָס זאָל אָפּקאָסטען א פּאָר צענדליג טויזענט דאָלאר?

איך פּרוביר זיך דערמאָנען עטליכע קאָנווענשאָנס פון די לעצטע עטליכע יאָרען; איך פּרוביר איבערציילען וואָס די דאָזיגע אלע קאָנווענשאָנס האָבען אויפגעטאָן און איך קום צום באַשלוס, אז אין איין קאָנווענשאָן וואָלט מען געקאָנט גאנץ לייכט אָפּטאָן די גאנצע ארבייט, פאר וועלכע מען האָט געברויכט עטליכע קאָנווענשאָנס.

מילא די פאר־א־יאָריגע קאָנווענשאָן אין נואַרק איז געווען נויטיג, ווייל עס איז געווען א יום־טוב, א יובילייאום פון צוואַנציג יאָר. צו וואָס איז אָבער נויטיג א קאָנווענשאָן דאָס יאָר? וועלכע וויכטיגע פראגען האָט די לעצטע קאָנווענשאָן געהאט צו פארהאנדלען און וועלכע וויכטיגע פראגען האָט די קינפטיגע קאָנווענשאָן צו פארהאנדלען?

עס איז אמת, אז איך צווייפעל אפילו קיין איינציגע מינוט ניט, אז אויך די נעקסטע קאָנווענשאָן וועט האָבען א טאָגעס־אָרדנונג פאר א גאנצער וואָך און עס איז ביי מיר אויך קיין צווייפעל ניט, אז ווען די וואָך וועט האלטען ביים סוף וועט מען זיך ארומזעהן, אז עס איז נאָך פאראן א סך ארבייט צו טאָן און מען וואָלט געקאָנט געברויכען נאָך א פּאָר טעג; אָבער די אלע, וועלכע האָבען א ידיעה אין קאָנווענשאָנס, ווייסען, אז ווען מען זאָל די צייט פון א קאָנווענשאָן באשטימען צוויי וואָכען אנשטאָט איין וואָך, וועט עס פּאַסירען דאָסזעלבע. מען וועט זיך צום סוף פון די צוויי וואָכען ארומזעהן, אז די וויכטיגסטע ארבייט איז נאָך ניט אָפּגעטאָן געוואָרען. ארבייט אויף אויסצופילען די צייט פון דער קאָנווענשאָן קאָן מען ווי עס איז געפינען, די פראגע איז אָבער, אויב עס איז נייטיג צו רופען א קאָנווענשאָן פאר אָט דער ארבייט.

דער ארבייטער־רינג איז אן איינגעשטעלטע, איינגעפונדעוועטע ארגאניזאציע, אין וועלכער עס קאָנען מער ניט אזוי אָפט פּאָרקומען קיין גרויסע וויכטיגע ענדערונגען. עס האָט לאנג געדויערט ביז מען איז דעם וועג איינגעפאָרען, איצט אָבער איז דער וועג שוין אן איינגעפאָרענער און בלויז ווען ניט ווען קאָן פּאָרקומען, אז מען זאָל דארפען מאכען וועלכע עס איז וויכטיגע ענדערונג אָדער נייע איינפיהרונג, וואָס זאָל זיין נייטיג זיך דורכצורעדען וועגען דעם אויף א קאָנווענשאָן. אין דעם איצטיגען צושטאנד פון ארבייטער־רינג וואָלט עס געווען גאנץ גענוג אָפּצוהאלטען קאָנווענשאָנס איין מאָל אין דריי יאָר.

איך פארשטעה אליין, אז אזא מין שפּרונג מיט איין מאָל פון יערליכע קאָנווענשאָנס אויף דריי־יערליכע וואָלט געווען צו באָלשעוויסטיש, אָבער איך רעכען, אז אפילו א מעסיגער מענשעוויק קען איינשטימען, אז עס איז גענוג צו האָבען קאָנווענשאָנס איין מאָל אין צוויי יאָר. און ווען מען וועט זיך איינגעוואוינען מיט צוויי־יערליכע קאָנווענשאָנס און מען וועט זעהן, אז אויך זיי האָבען ניט איבעריגס פיל צו טאָן, וועט מען דאַן באשליסען צו מאכען קאָנווענשאָנס בלויז איין מאָל אין דריי יאָר.

און ווען איך רעד דאָ וועגען אָפּשאפען די יערליכע קאָנווענשאָנס, איז עס ביי מיר ניט אזוי די פראגע פון איינשפּאָרען דאָס געלט, וואָס די קאָנווענשאָנס קאָסטען, הגם דאָס איז אויך גאנץ וויכטיג, ווייל מען קאָן דאָס געלט אויסגעבען אויף נייטיגערע

זאַכען, דער עיקר איז אָבער, וואָס דורך די פּוסטע יערליכע קאָנווענשאַנס איז דער גאַנצער זין פון די ארבייטער־רינג קאָנווענשאַנס פארלאָרען געוואָרען. די מייסטע ארבייטער־רינג מיטגלידער האָבען אָנגעפאַנגען צו קוקען אויף די קאָנווענשאַנס ווי אויף אַן אינסטיטוציע, וואָס איר הויפּט־צוועק איז צו געבען א הונדערט ארבייטער־רינג מיטגלידער א מעגליכקייט איין מאָל א יאָר זיך דורצופאָרען.

איז אָבער פאראַן אויך א געזעצליכע זייט אין דער פראַגע. לויט דער קאָנסטיטוציע און לויט דעם טשאַרטער פון ארבייטער־רינג דארף זיין א קאָנווענשאָן יעדעס יאָר. מילא, די קאָנסטיטוציע איז גאַנץ לייכט צו ענדערן. א קאָנווענשאָן באַשליסט אין א רעפערענדום הייסט גוט און די זאַך איז געענדיגט. וואָס טוט מען אָבער מיט'ן טשאַרטער? — און דער אמת איז אין דעם פּרט אויך נאָר ניט אזוי שווער דעם טשאַרטער צו ענדערן. איך גלויב ניט, אז דעם קאָמישאָנער אוו אינשורענס געהט עס שטאַרק אין לעבען, אז דער ארבייטער־רינג זאָל דוקא האָבען אלע יאָר א קאָנווענשאָן. איך בין גאַנץ זיכער, אז מען וועט ביי אים גאַנץ לייכט פּועל'ן, אז קאָנווענשאַנס זאָלען זיין בלויז איין מאָל אין צוויי אָדער אין דריי יאָר. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז אפילו ניט נייטיג צו ענדערן דעם טשאַרטער און מען קאָן זיך פארשפּאָרען די טרחה צו קריגען די הסכמה פון קאָמישאָנער אוו אינשורענס. אין טשאַרטער שטעהט ניט געשריבען פון וויפיל דעלעגאַטען אַן ארבייטער־רינג קאָנווענשאָן דאַרף באַשטעהן און וויפיל טעג אַ קאָנווענשאָן דאַרף דויערן. כדי יוצא צו זיין פאר'ן געזעץ קאָנען מיר קרויגען א מיטינג פון אונזערע דירעקטאָרען מיט דעם נאָמען קאָנווענשאָן און עס וועט זיין כשר. די שווערסטע פראַגע פאר מיר איז, ווי קריגט מען אויף א קאָנווענשאָן פון ארבייטער־רינג א מערהייט דעלעגאַטען, וואָס זאָלען שטימען פאר אָפּשאַפען די יערליכע „עקסקורשאָנס“, איך מיין קאָנווענשאַנס. עס איז ווירקליך א שווערע זאַך, אז קאָנווענשאָן מענשען זאָלען אליין שטימען אָפּצושאַפען קאָנווענשאַנס. בפרט נאָך ווען א גרויסער טייל פון די קאָנווענשאָן מענשען זיינען פּראָפּעסיאָנעלע דעלעגאַטען, דאָס הייסט אזעלכע, וועלכע האָבען שוין א חזקה צו פאָרען אויף יעדער קאָנווענשאָן פון ארבייטער־רינג.

און זאָלען מאנכע ניט מיינען, אז איך האַלט פאר אַן אומרעכט, וואָס אויף יעדער קאָנווענשאָן טרעפט מען כמעט דיזעלביגע דעלעגאַטען. אין געגענטייל. איך האַלט עס פאר גאַנץ נאַטירליך. עס ווערען געוועהלט די מער טעטיגע און די מער ערפארענע מיטגלידער פון ארבייטער־רינג און די קאָנווענשאַנס געווינען מער דערפון ווי זיי פארלירען. דאָ קאָן זיין בלויז א פראַגע פון יושר צו געבען אמאָל א געלעגענהייט אויך א „גרינעם“ צו זיין א דעלעגאַט אויף א קאָנווענשאָן. אָבער איך פארנעם זיך דאָ ניט מיט פראַגען פון יושר. פאר מיר איז וויכטיג, אויב עס איז מעגליך צו קריגען אויף א קאָנווענשאָן פון ארבייטער־רינג א מערהייט, וואָס זאָל שטימען אָפּצושאַפען די יערליכע קאָנווענשאַנס. און אזוי ווי איך גלויב, אז דאָס איז א גאַנץ שווערע זאַך, וואָלטען די ברענטשעס פון ארבייטער־רינג איצט דארפען אויפנעמען די פראַגע צו דיסקוטירען און צושטעלען רעזאָלוציעס צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן, און ווען א גרויסע צאָל ברענטשעס וועלען אזעלכע רעזאָלוציעס אָננעמען, וועט די קאָנווענשאָן זיך געוויס מיט זיי רעכענען. אַלענפאַלס וועט עס זיין פאר דער נעקסטער קאָנווענשאָן א וויכטיגע פראַגע צו דיסקוטירען און זי וועט האָבען מיט וואָס אויסצופילען איר צייט. און אויב זי וועט נאָך באַשליסען אָפּצושאַפען די יערליכע קאָנווענשאַנס, וועט זי דערמיט אליין פארדינען, אז זי זאָל פארשריבען ווערען אין די כראָניקעס פון ארבייטער־רינג אלס איינע פון די וויכטיגסטע, ערפאָלגרייכסטע און פּרוכטבאַרסטע קאָנווענשאַנס, וואָס דער ארבייטער־רינג האָט געהאַט.

---

# דער הונט און דער פוקס

(פאַבעל)

פון נחום י.

א הונט האָט ביי דעם פוקס געפרעגט מיט גרויס פארדראָס.
— „פאר וואָס
האַלט שטענדיג זיך דער וואָלף מיט מיר פון ווייטען,
און טרעפען מיר זיך ווען — אנטלויפט ער באַלד
אין וואַלד
און וויל מיט מיר א בליק אויף בליק זיך ניט פארבייטען?
מיר זיינען דאָך נאָך קרובים גאָר פון אַלטע צייטען!
און שרעקט ער זיך פאר מיר, פאר מיינע ציינער, —
דאַרף ער פארשטעהן, אז ער איז איינער
פון די, צו וועמען כ'האָב די איידעלסטע געפילען“...
— „מיין פריינד“ — האָט אים דער פוקס געגעבען צו פארשטיין, —
„דער וואָלף האָט מורא ווייניג וואָס פאר דיינע ציין,
נאָר גלאַט ער האָט ניט ליב דיין בילען“...

---

# אונזער בלוט

(צביח'ן א מתנה)

פון ארטור עסעלין

— איך בין פון שטאָלצע ניט געקומען,
און וועל מיט שטאָלצע לייט ניט געהן,
נאָר ווען דער לעצטער רוף וועט קומען,
וועל איך מיט מיינע ברידער געהן.

ווי פארציטערטע און שטומע,
ווי פאר'משפּט'ע צו טויט —
מיט פארטאַכטע אויגען פרומע,
מיט'ן טרויער אויסגעשפּייט.

נאָר דאָס בלוט ארויסצוגיסען,
אין דער קאַלטער ערד אריין,
בלוט מיט זריעה אויסצומישען,
זאָל די פרוכט געראָטען זיין!...

אייביג אין די גרונטען וואַכען
וועט דער זאָט פון אונזער בלוט,
זאָל א ברכה יעדער מאַכען,
ווער ס'וועט טרינקען אונזער בלוט...

# אַן ענטפער אויף א בריף

פון י. ב. ביילין

„פריינד רעדאַקטאָר!

„קענט איר מיר זאָגען, ווער איז דער גוטער מענש, וועל־כער שרייבט אריין אזעלכע גוטע שטיקלעך אין „פריינד“: „די ציזמען זיינען ניט גוט, מ'פאַרדינט ווייניג, דער יקרות איז גרויס“. אין וויניפעג קאָן מען נאָך צוגעבען: „די פראָסט זיינען גרויס, קוילען דאַרף מען א סך — דערפאַר דאַרפט איר צאָלען אייערע בילס פינקטליך — אין אזא צייט טאָר מען ניט בלייבען הילפלאָז אויסער דעם רינג.“ נאָר אויב איר זייט דאָך אין אזא שלעכטער לאַגע און איר קאָנט דאָך ניט צאָלען אייער ביל פאַר צוויי קוואַרטאַלען נאָכדעם ווי איר זייט געוועזען א מיטגליד פאַר גאַנצע 6 יאָר, איז די איינציגע הילף, וועלכע איר קאָנט ערוואַרטען פון רינג — איר ווערט געשטראָכען! אלזאָ, פריינד רעדאַקטאָר, מיר ווייסען אלע, אז אַנדערש קאָן דאָס ניט זיין, אָבער די שרייבער פון אזעלכע שטיקלעך מעגען ווייסען, אז די יעצטיגע צייט איז ווירקליך שווער צו צאָלען פינקטליך, אַפילו אין אזא גוטען פאַראיין ווי דער אַרבייטער־רינג, פון וועלכען מען מוז פריער קראַנק ווערען, אָדער שטאַרבען, איידער מען קריגט הילף. איר וועט מסתמא פרעגען: וואָס, אייגענט־ליך, וויל ער, דער לץ. איך האָב געזאָגט אין בריף, אז איך גלויב ניט, אז עס קאָן זיין בעסער, אָבער עס פאַרדריסט אז מען זאָלצט די וואונדען.

י. ליפּקין, בר. 169, וויניפעג.“

ווערטער פריינד י. ל. ליפּקין:

מיט פאַרגעניגען וועל איך אייך זאָגען, אז „דער גוטער מענש, וואָס שרייבט אַריין אזעלכע גוטע שטיקלעך אין „פריינד“, איז דער זינדיגער רעדאַקטאָר אליין, אָט טאַקע דער, וועמ עס שרייבט אויך די דאָזיגע שורות. איר זאָגט אליין, מיין פריינד, אז מ'קאָן זיך נישט העלפען, דער צַפּים מוז מאָנען פאַר די בילס, צי מ'אַרבעט, צי נישט, אָבער עס פאַרדריסט אייך, אז מ'זאַלצט די וואונדען.

פאַרוואָס, פריינד ליפּקין, איז אייך נישט איינגעפאַלען צו שרייבען דאָס וואָרט „מ'ברענט“ די וואונדען. דאָס וואָלט דאָך געווען ריכטיגער, און מעגליך, אז ווען דאָס וואָרט וואָלט אייך אַרויף אויפ'ן שפּיץ פעדער, וואָלט אייער פאַבדרוס גלייך אַפּגעגאַנגען.

איך האָב אינגעלוויז געהאַט א פריינד, וואָס איז געווען זעהר פרום און איז מיט אמאָל געוואָרען אַן אַפּיקורס. די ער־שטע פריידענקערישע מצוה, וואָס ער האָט אָנגעהויבען צו טאָן, איז געווען, וואָס ער האָט זיך אויפגעהערט צו וואַשען צום עסען. ווען ער וואָלט א קלער געטאָן, וואָלט ער געוויס געפונען שווע־רערע עבירות, אַנגענעמערע און א סך קליגערע . . . ער האָט דאָס אָבער נישט געטאָן און האָט מיט א ספּעציעלען פאַרגעניגען גענוצט זיך עסען מיט איינגעריכטע, אַפּשייליכע הענט.

ווען עס הייבט אָן אין עקאָנאָמישען לעבען צו געהן באַרג אַראָפּ, איבערהויפּט מיט אַן אַרבעטער, וואָס לעבט פון קלענ־ליכע שכירות, מוז מען אָנהייבען צו עקאָנאָמיזירען, צי מ'וויל, צי נישט. מ'דאַרף נאָר וועגען און מעסטען פון וואָס צו עקאָנאָמיזירען. מ'דאַרף פּשוט אָפּשאַצען אלע באַדערפנישען, אוועקשטעלען יעדע אין איר פּלאַץ. עס זיינען געוויס פאַראַן זאַכען, אָהן וועלכע מ'קאָן זיך באַגעהן, אין ערגסטען פאַל. און דאַנעגען אזעלכע זאַכען, וואָס זיינען שוין א מינימום אָן־און־פאַר־זיך, וועלכע טאָרען בשום אופן, אזוי לאַנג ווי נאָר מעגליך, נישט אויפגעגעבען ווערען.

עס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אז דער האַלב־באַ־וואוסטזיניגער א.־ר. מיטגליד, אזוי ניך ווי ער איז געצוואונגען, דורך אַרבעטסלאָזיגקייט אָדער סטרייק, אָנצוהייבען לערנען הלכות עקאָנאָמיע, איז ער מקיים די ערשטע מצוה מיט דעם, וואָס ער הערט אויף צו צאָלען זיין ביל אין ברענטש. . . .

איז דאָס נישט ווי יענע אַפּיקורסישע ערשטע מצוה, פון וועלכע איך האָב ערשט דערציילט? דאַרף ד אָ ס זיין די ע ר־ש ט ע זאַך אויפצוגעבען, אָדער דעם . . . פּ י נ אַ ק ע ל, וואָס איז זעלטען א פרנסה־געבער, צי נאָר דער ס י ג אַ ר, וואָס איז נאָך זעלטענער א געזונט־געבער? . . .

וואָס וועט איר זאָגען צו דעם כאַראַקטעריסטישען פאַל, וואָס האָט ערשט מיט עטליכע וואָכען צוריק געטראָפען אין איינעם פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס:

א מיטעליערינער פאַמיליע־מאַן און פ ע ר צ ע ן יאָר א מיטגליד אין איין ברענטש. ער האָט שטענדיג געצאָלט די בילס אין צייט. ער איז זעלטען אַרומגעגאַנגען אָהן אַרבעט. אָבער לעצטען זומער האָט ער פאַרלאָרען זיין „דזשאָב“ און פון דעמאָלט אָן איז ער שוין אַרומגעגאַנגען ליידיג. איין קוואַרטעל דיוס האָט ער נאָך אָפּגעצאָלט נאָכדעם ווי דער בר. סעקרעטאַר האָט אים ספּעציעל באַזוכט. אָבער מער האָט ער זיך אָנטזאָגט צו צאָלען. „איך קאָן אַרויסנעמען פון מיינע אָפּגעשפּאָרטע געלט אין באַנק“ — האָט ער דערקלערט דעם סעקרעטאַר — „אויף מיינע אומבאַדינגט נויטיגע הוצאות, אָבער צאָלען צום א.־ר. אין דער צייט וואָס איך גיי אַרום ליידיג — קאָן איך נישט.“

מיט עטליכע וואָכען צוריק האָט מען זיך אין בר. דער־וואוסט, אז נ. נ., דער אַלטער מיטגליד פון ברענטש, וואָס האָט זיך מיט עטליכע וואָכען צוריק געלאָזט שטרייכען, איז שוין אין האָספּיטאַל פאַר טובערקולאָז־קראַנקע און ער שרייבט בריף נאָך בריף צום סעקר. פון ברענטש, אז ער זאָל זעהן, אז מ'זאָל אים כאָטש פאַר געלט אַריינגעמען אין א.־ר. סאַניטאַריום.

פריינד נ. נ. האָט באַטראַכט דעם ביל פון ברענטש פאַר אַן הוצאה, וואָס איז ניט נויטיג, און האָט זיך צו אַלעם ערשטען פון אים באַפרייט. דעם אומשולדיגען קאָרטען־שפּיל האָט ער נישט אויפגעגעבען!

זאָלען מיר שווייגען וועגען דעם? מ ע ג ע ן מיר שווייגען אין דער צייט ווען מיר זעהען, אז די שטרייכונגס־מגפה פאַר־גרעסערט זיך? ליגט נישט אויף אונז א חוב צו וואָרענען פון נאָך א גרעסערען אומגליק, א ו י ס צ ו ב ר ע נ ע ן דעם וואונד, ווען עס איז נאָך צייט, ווען עס איז נאָך נישט צו שפּעט?

מיינט איר אפשר, אז די געשיכטע מיט נ. נ. איז אַן איינ־ציגער פאַל? די וואָס קומען אַריין אין גענעראַל־אָפיס הערען אָפט פון אזעלכע און ענליכע פאַסירונגען.

און ווייל די שטרייק־מגפה ווערט געפערליכער אין צייטען פון קריזיס און אַרבעטסלאָזיגקייט, ליגט אויף אונז דער חוב כסדר צו האַלטען אָפען די אויגען פון די האַלב און פערטעל באַ־וואוסטע מיטגלידער.

כמעט יעדער (איינער) אַרבעטסלאָזער קאָן אוועקלייגען 5 סענט א טאָג (און וואו געהט עס נישט אוועק קיין 5 סענט אפילו ביי אַן אַרבעטסלאָזען?) און צום ענדע פון קוואַרטעל וועט אים נאָך עפּעס איבערבלייבען אָפּצאָלענדיג דעם ביל.

מיר זאָלצען נישט די וואונדען, פריינד ליפּקין, מיר בינדען זיי איבער און ב ר ע נ ע ן זיי אויס, כדי זיי זאָלען שפּעטער נישט ווערען געפערליך.

דער איינציגער ווירקזאַמער מיטעל!

---

האָט איר אמאָל געמאַכט דעם אינטערעסאַנטען חשבון: וויפיל מיטגלידער איר האָט שוין אַריינגענומען אין א.־ר. פאַר דער צייט וואָס איר געהערט צו אים?

* * *

אייער ברענטש האָט יעצט צו פאַרהאַנדלען זעהר וויכטיגע פראַגען. דענקט איר נישט, אז איר דאַרפט נישט פאַרלאָזען זיך שטענדיג אויף אַנדערע, אז זיי זאָלען פאַר אייך שטימען און דורכפירען?

אויב די קינדער אין די א.־ר. שולען האָבען געקענט אין עט־ליכע וואָכען, שטילערהייט, אויפקלייבען פאַר'ן אידישען קינדער־שול רעליעף אין ליטאַ און פּוילען נאָהענט צו 4 טויזענט דאָלער, וויפיל דאַרפען מיר דערוואַרטען ביז דער א.־ר. קאָנווענשאַן?

* * *

גוטע ערציהונג איז פּונקט ווי א רעגעלמעסיגער שפּריי־רעגען אויף א פעלד. עס בליהט און עס וואַקסט שוין און גראַזען.

# קינדער־ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## ו.

### נחום י.: פאַבלען

דער פאַרלאַג „אידיש“ האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט אין זיין קליינער ביבליאָטעק „פאַר אייך און אייערע קינדער“ (ניו־יאָרק, 1819) אריינגענומען אַ זאַמלונג פון נחום י.'ס פאַבלען.

מען קאָן צווייפלען, צי זיינען פאַבלען בכלל גוט פאַר קינדער. מעגליך, אַז זיי זיינען צו אַבסטראַקט פאַר'ן קינדערשען פאַרשטאַנד. זיי האָבען אָפט צו טאָן מיט אַזוינע מאָראַלישע און פסיכאָלאָגישע ערפאַרונגען, וואָס זיינען דעם קינד נישט באַקאַנט. און וואָס איז שייך צו זייער מאָראַליש־סאַטירישען עלעמענט, געהט ער פאַר די קינדער אָפט פאַרלוירען. זיי באַנעמען אים נישט. יעדענפאַלס האָבען זיי פון אים נישט דעם גענוס — און די פעולה — וואָס מיר, דערוואַקסענע. זיי קאָנען זיך פאַראינטערעסירען מיט אַ פאַבעל נאָר דאַן, ווען זי האָט אין זיך הומאָר.

און דאָס איז טאַקע די מעלה פון נחום י.'ס פאַבלען. זיי זיינען ניט איבערגעשפיצט און ניט איבעריגס טיף און שאַרף פאַר דערוואַקסענע, דערפאַר אָבער שוועבט איבער זיי יענער לייכטער הומאָר, וואָס מאַכט זיי צוגענגליך פאַר קינדער. דערצו איז די שפּראַך אין זיי אויך קלאָר און לייכט, אַזוי ווי דער אינהאַלט. די פערזען זיינען די געוואוינטליכע פאַבעל־פערזען; מיט קיין באַזונדער אָריגינאַליטעט צייכענען זיי זיך ניט אויס. זיי זיינען גלאַט, איינפאַך און פליסיג. נאָר דער גראַם איז אין אַ פּאָר פערזען אַ געמאַטערטער:

פון אים ניט וויים געשטאַנען איז
אַ דעמב אַ ריז.

אָדער:

אַ טאָפּ מיט הייסע וואַסער, וועלכע האָט
געקאָכט, געזאָדען און געשפּריצט
— — — — — — — — — —
האָט זיך אַמאָל געוועגדט מיט שפּאָט.

אין בידע פאַלען זיינען מיר געצוואונגען צו שטעלען די טראָפּ אויף ווערטער („איז אָדער „האָט“), וואָס בטבע האָבען זיי אויף זיך ניט קיין טראָפּ. דאָס טאָר מען קיינמאָל ניט טאָן — בפרט נאָך אין לידער פאַר קינדער. מען מוז זיי צוגעוואוינען שטעלען די טראָפּ ריכטיג.

די „פאַבלען“ זיינען געדרוקט מיט צייכענונגען־אילוסטראַציעס פון א. אַבראַמאָוויטש און לאָלאָ. לײדער איז אין די צייכענונגען צו־ווייניג הומאָר, צו־ווינציג שפּילעוודינקייט.

## ז.

### זאַמלונגען

איידער איך ענדיג מיין איבערבליק איבער די לידער פאַר קינדער, וואָס זיינען ארוים פאַר די לעצטע יאָרען אויף אידיש, וויל איך נאָך דערמאָנען צוויי לידער־זאַמלונגען, וואָס זיינען ספּעציעל באַשטימט צו דעקלאַמירען אָדער צו זינגען. איין זאַמלונג איז אַן „אַנטאָלאָגיע פאַר קינדער פון פרעבעל־ און עלעמענטאַר־שולען“ אונטער'ן נאָמען „די פיר צייטען פון יאָר“ (פאַרלאַג: לאַזאַר קאַהאַן, לאָדז, 1918). פאַר מיר ליגט דער ערשטער טייל פון דער דאָזיגער אַנטאָלאָגיע — „פרילינג־לעב“. דער דאָזיגער טייל באַשטעהט פון פאַרשיידענע געזאַנגען און לידעלעך וועגען פרילינג, וואָס עס האָט פאַרפאַסט אָדער באַאַרבייט פון אַנדערע שפּראַכען י. ראַווין. דאָס ציל פון דעם פאַרפאַסער איז, ווי ער זאָגט אין דער פאָררעדע, צו פאַרפלאַנצען אין דעם אידישען קינד „ליבע צו דער נאַטור, אַנטוויקלען זיין געפיל צו שענקייט, פאַרטרייבען די פאַרזאָרגטקייט און די פּסיכיס“ א. אַז. וו. דאָס איז אַלץ גוט און שען. עס איז נאָר אַ פראַגע, צי זיינען די לידעלעך, וואָס געפינען זיך אין ביכעל, טאַקע מסוגל איינצופלאַנצען אין קינד ליבע צו דער נאַטור א. אַז. וו. ליבע צו דער נאַטור פלאַנצט מען ניט איין אין קינד מיט דעם, וואָס מען רעדט מיט אים וועגען דער נאַטור, נאָר מיט דעם, וואָס מען ציינט זי אים. י. ראַווין אָבער צייגט ניט דעם קינד די נאַטור, ער רעדט נאָר וועגען איר. אין זיינע לידעלעך זיינען ניטאָ קיין לעבעדיגע בלומען און קיין לעבעדיגע פויגעלעך, און קיין אמת'ער געזאַנג פון פויגלעך, עס זיינען דאָ נאָר רייד וועגען דעם אַלעם. י. ראַווין ווייס, וואָס גוט איז, אָבער ער האָט עס ניט, ווייל ער איז נישט קיין דיכטער. און פאַר קינדער, אפילו פאַר גאָר קליינע קינדער, דאַרפען שרייבען דיכטער, נאָר דיכטער. פּעדאַגאָגען קאָנען שרייבען גוט וועגען קינדער, אָבער ניט פאַר זיי.

דערפאַר איז נים אין ערך מער געלונגען די זאַמלונג „בלומען“ — „טעקסטען פון לידער צו זינגען אין די אידישע שולען“, צוזאַמענגעשטעלט פון יעקב לעווין. (פאַרלאַג „אידישע שול“, ניו־יאָרק, 1920.) יעקב לעווין האָט זיך ניט גענומען פאַרפאַסען אַליין לידער פאַר קינדער. ער האָט אריינגענומען אין זיין זאַמלונג פאָלקסלידער, וואָס פּאַסען פאַר קינדער, און לידער פון פאַרשיידענע אידישע דיכטער. די פאָלקסלידער זיינען די פרישסטע און די קינדערישסטע צווישען די טעקסטען פון דער זאַמלונג „בלומען“. מיט זיי קאָנען די קינדער־פערזען פון די היינטיגע דיכטער נישט קאָנקורירען. אָבער אויך צווישען די לעצטע זיינען דאָ פילע, וואָס קינדער קאָנען און דאַרפען זיי זינגען. עס זיינען, לײדער, אָבער אויך דאָ אַזוינע, וואָס האָבען געמעגט ניט אריינגענומען ווערען אין ביכעל, כאָטש זיי ווערען געזונגען אין די שולען. דערהויפּט זיינען אָהן טעם די טעקסטען פון מ. ריוועסמאַן. אַ שטיינער — „דער וואַלד“:

און שטעהט דער וואַלד דער אַלטער,
פונקט ווי אַ שטאַרקער (!) העלד.
ער רוישט מיט זיינע בוימער
פון טענשענס אויג פאַרשטעלט.

ער האָט זיך ברייט צעוואָרפען
און ווייס ניט פון קיין שרעק
פאַרשפּרייט האָט זיך דער הימעל
אויף אים נאָר אָן אַ ברעג, א. אַז. וו.

צו וואָס זאָלען זיך קינדער צוגעוואוינען צו אַזוינע הילצערנע פערזען? פאַרקערט, מען מוז זעהן, אַז אַ קינד זאָל אין יעדען וואָרט, וואָס עס זינגט, פיהלען אַ טעם.

אָבער די גרעסטע צאָהל לידער, וואָס י. לעווין האָט אריינגענומען אין זיין ביכעל, געהערען, ווי געזאָגט, צו די בעסטע אידישע קינדער־לידער, און עס איז גוט, וואָס זיי זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרען אַלע אין איין זאַמלונג.

---



„צוריקגעוויזען“ . . . ווילסאָן איז שטענדיג געווען אַ זעלטענער עפּיגראַמיסט. אָבער זיין לעצטע לאַקאָנישע באַמערקונג וועגען דעבס'ן וועט געוויס בלייבען היסטאָריש . . .

ניט אין אַ־ר. ראַדיקאַל זאָגט זיך אָפּ צו שיקען זיינע קינדער אין דער אַ־ר. שולע, דערפאַר ווייל זי איז נישט גענוג ראַדיקאַל, און שיקט זיי דאַריבער אין דער . . . תלמוד־תורה . . .

* * *

„איך וועל נישט שטאַרבען אין פּריזאָן!“ — פאַרזיכערט דעבס זיינע שונאים און פריינד. מיר גלויבען, אַז דו, טייערער 'דזשין, וועסט נאָך טאַנצען אויף זיינע תרבות . . .

# מיין באַזוך אין פילאַנטראָפּישען סאַניטאַריום

פון מאַמעס ל.

דער סאַניטאַריום איז אונטער גאָטס פרייען הימעל געשטאַנען, באַזוימט פון ווייט־אויסגעשפּרייטע, אָפּגעשווירענע, באַגילטע פעלדער, ארומגערינגעלט פון אַ קייט הויכע און העכערע בערג.

די „אויסערליכע“ האָבען דעם סאַניטאַריום באַוואונדערט, געלויבט און פאַרגעטערט — ווי שיין, ווי נאָבעל! — און מיט אַ טיפען גלויבען גערעדט וועגען די הומאַנע אַרבייט און פון יעדען איינעמס פליכט צו דערהאַלטען די אומגליקליכע, שווינדזיכטיגע, וועלכע זיינען פון אייגענע פאַרלאָזען, פון פריינד פאַרגעסען, און מיט אַ קרעכץ, אָפּטמאָל מיט אַן אמת'ן וויי פון טיפסטען האַרצען האָבען זיי זייער דאָלאַר בייגעשטייערט, מיט דער האָפנונג געזונד צו מאַכען די אַלע „די“, וואָס האָבען זייער קראַנקען קאָפּ אונטער דעם דאַך געלייגט און אונטער דער אויפּפּאַסונג פון דעם שמייכלענדען, שוואַרץ־חנ'עוודיגען סופּעראינטענדענט זיך געגעבען.

און די „אינערליכע“ האָבען מיט די ציין געקריצט, מיט טרערען, האַרציגע טרערען, דאָס צדקה־ברויט געשלונגען, מיט וויי און דערנידערונג דעם פאַראַכטענדען בליק פון סופּעראינטענדענט פאַרטראָגען און מיט געבויגענע קעפּ, מיט אַן אינערליכען ניט־אַרויסגעשריגענעם פּראָטעסט די באַפעלען פון די יונגע פּראַקטיצירענדע דאָקטוירימלעך און די ווייס־מיט־בלוי געשטרייפטע ערשט געוואָרענע קראַנקען־שוועסטער אויפגענומען.

ניט איינמאָל האָבען זיי פון חויט אַרויסגעשפּרונגען, אויפהיבען זיך געוואָלט, און מאַכטלאָזע צוריקגעפאַלען אין דעם אָפּגרונד פון ביטערניש און טיפער פאַרצווייפלונג.

און ווען די ביטערקייט, דער גיפט, איז דעם מויל אריבער און מיט הייסען, קאָכעדיגען שוים די ליפּען פאַרברענט, האָבען זיי געשאָלטען, געשימפּט מיט טויטליכע קללות און געוואונשען: דער סאַניטאַריום זאָל פאַרברענט ווערען מיט זיי, מיט זיי אינאיינעם.

אָט אין דעם סאַניטאַריום פלעג איך געהן אַלע זונטאָג איר באַזוכען, אָבער נאָכהער איז עס פאַר מיר אוממעגליך געוואָרען, און ניט פאַר קיין אַנדער אורזאַך, ווי אָט פאַר דעם: עס פלעגט מיך שרעקען איר מעלאַנכאָלישער שווייגען, אַ שווייגען וואָס האָט געצוקט און געמאָנט מיט אַזאַ ביטערליך־פאַרצווייפעלטער, טרויעריג־פאַרוואָרפענדער שטים.

עס איז ניט קיין וואָכעדיגע שפּראַך געווען, אַ פאַרשוועכונג דורך וואָרט און קלאַנג. ס'האָט אַ נשמה פון איר'ע טיפסטע־טיפענישען גערעדט . . . און איר פאַרביסענער געפיהל, וואָס האָט אין אַ שלאַנגען־קרייז זיך געדרייט און מיט דעם אייגענעם גיפט זיך פאַרגיפט, האָט שטיל און אָן טרערען געוויינט, און אָן ציינער מיין האַרץ געגריזשעט און געפּליקט . . .

וואָס אַ טאָג האָט אויף איר דער גיפט שטאַרקער און שטאַרקער געאַרבייט, און וואָס אַמאָל זיינען אירע דונקעלברוינע האָר שיטערער און שיטערער געוואָרען. די אויגען, ברענענדע, טיפער ווי ברייטער, האָבען אימער אין דער ווייטער ווייטקייט געקוקט, ווי זיי וואָלטען זוכען צו דערגרונטעווען די טיף פונ'ם רוים, דאָס ענדלאָזע פון דער אונענדליכקייט. אָבער מער ווי אַלץ האָבען אין מיר געוועקט אירע דין־פאַרשלאָסענע ליפּען, וואָס האָבען צו מיר אויסגעזעהן ווי אַ מורא'דיגער סוד וואָלט ליגען באַהאַלטען אונטער זיי . . . און ניט איינמאָל האָב איך געפילט ווי אַ ריס צו טאָן דאָס מויל און דעם סוד פון אונטער די דין־בלוויליכע ליפּען אַרויסרייסען . . .

צוויי וואָכען זיינען אַוועק ווי איך האָב איר ניט געזעהן, און אויפ'ן דריטען זונטאָג, אַזוי גיך ווי איך האָב די אויגען געעפענט, אין שווערען גרויען רוים אַרויסגעקוקט, האָט אַ מאָדנער מיטלייד אין מיר זיך דערוועקט און אַ מיטגעפיהל ווי נאָך קיינמאָל ניט בעפאָר האָט אין מיר געוועקט און גערופען.

גלייך נאָך מיטאָג, אַן אָנגעלאָדענער מיט גוטע זאַכען און אַן אָנגעגורטער מיט טרייסט־ווערטער, מיט האָפנונגס־טרוימען, האָב איך זיך אונטער אַ גוס רעגען געלאָזט געהן אויפ'ן וועג.

ס'האָט געיאָגט און זיך ווילד צעיאָגט אין זיין צושטערונגס־טאַנץ דער קאַלטער, וואָיענדער הערבסט־ווינט, און אין לויף, אין הונגער נאָך רויב, האָט ער געשאָסען, געפּאַטשט מיט זיינע נאַסע, געפרוירענע הענט, רעכטס און לינקס און גלייך אין פּנים אריין.

איך בין געגאַנגען און געטרוימט און וואָס נעהנטער איך בין צום סאַניטאַריום צוגעקומען אַלץ לעבעדיגער און בולט'ער האָבען די בילדער פאַר מיינע אויגען זיך געשפּיגעלט. איך האָב איר געהערט זיך טרייסטען; איך האָב איר אויך אַ ניי־געלונגענעם וויץ דערציילט און מיין גאַנצער איך האָט אויפגעלויכטען און אָנגעסוואָלען פון דעם שמייכעל, וואָס איך האָב אויף איר בלאַסען, רויט־געפלעקטען געזיכט אַרויסגערופען.

אָבער . . . אַזוי גיך ווי איך האָב דעם שוועל פון סאַניטאַריום איבערגעטראָטען, אין גרינעם האַלב־דונקעלען צימער אריין, אויף די קראַנקע אין די בעטען אַ קוק געגעבען, האָט מיך אַ פיינליך־שווערער געפיהל ארומגענומען און דערפיהלט האָב איך זיך, ווי איך וואָלט אין אַ טויטען־הויז אריינגעפאַלען און די מתים מיט מיין פעסטען אונפאָרזיכטיגען טריט פון לעטאַרגישען שלאָף אויפגעוועקט.

פאַרטרוימט און פאַרטראַכט איז זי געלעגען ווען איך בין צו איר בעט צוגעקומען, און ווען איך האָב איר באַגריסט, האָט זי פון אונערוואַרטונג אַ ציטער געגעבען, אין פאַרקלערטקייט דעם קאָפּ אויפגעהויבען, און קאַלט ווי אימער מיר די האַנט דערלאַנגט.

דאָס ערשטע וואָס איך האָב דערוואַרט צו הערען איז: ווי קום איך אין אַזאַ רעגען און פאַרוואָס איך בין ניט געווען אַזיר זון. זי האָט עס אָבער גאָרנישט ניט דערמאָנט. איך האָב איר געפרעגט וואָס זי מאַכט, ווי זי פיהלט, און גלייך האָט מיר וואָס צום רעדען אויסגעפעלט. איך בין אַנשווינגען געוואָרען און זי האָט זיך ווידער פאַרטראַכט.

איך בין געזעסען, געקוקט, און מיין בליק האָט פון איין בעט צו דעם צווייטען געשלייכט, און דאָ — האָב איך נאָך צום ערשטען מאָל זייער יונגקייט דערזעהן. אָך גאָט! — דוכט זיך, אַז איינציגע פון זיי האָבען נאָך אַפילו דעם אַכטצענטען געבורטסטאָג ניט געפייערט, און ווי קאַלט איז זייער אויסזעהן, ווי פאַרצווייפעלט זייער בליק. און אָט אין דער מיט ליגט אַ זקנה, געווים זעכציג יאָר אַלט, אַן איינגעשרומפּטע, איינגעצויגענע, און אויסגעזעהן האָט עס צו מיר ווי די אַלטע וואָלט ניט מער ווי די אָפּשפּיגלונג פון זייערע זעהונגען געווען, דער שרעק פון זייערע פינסטערע חלומות . . .

און פאַרשעמענריג אַזוי האָט מיין בליק מיט אַ צווייטען זיך געטראָפען, וואָס האָט מיט דער שאַרפקייט פון אַ שפּיז געשניטען און ביטערליך געפרעגט: וואָס האָסטו אין אונז דערזעהן? . . .

אַ פאַרשעמטער, פאַרשולדיגטער, האָב איך די אויגען צו דער ערד אַראָפּגעלאָזען. די הענט האָבען מיר זיך אין קולאַקעס פאַרדריקט, דאָס בלוט אין מיינע אָדערן האָט הייס געפּלאָסען און געברויזט, און דערפיהלט האָב איך ווי זיך אַוועקצולאָזען אויף די בולוואַרען און שטעכען, ברעכען, מערדערן (כאָטש איך האָב פיינט רויב און מאָרד) די אַלע „די“, וואָס האָבען די אומגליקליכע אין גיהנום פאַרטריבען, פון לעבען אויף אייביג פאַריאָגט . . .

און די מאַמעס, די טאַטעס, שוועסטער און ברידער, וואָס האָבען זייער אייגען בלוט און פלייש פאַרשיקט און פאַרגעסען, וואָלט איך מיט שטריק פאַרשטריקט און געשמיסען און געשריען: קוקט! קוקט אין די שרעקענדיגע פּנים'ער פון אייער פאַרצווייפעלטען, אין עלענד־פאַרביטערטען, אין שמערץ זיך מאַטערנדיגען, גוסס'דיגען קינד.

אַזוי בין איך אַ שווייגענדער אין חלומות פאַרזונקען געזעסען, ווען דערפיהלט האָב איך מיט אַמאָל ווי אַ שווערקייט איז אויף מיין אַקסעל נעפאַלען און אַ פאַרציטערטער בין איך

# אַן אַנדערע

(דערצעהלונג)

פון אל. גוריה

אזוי ווי אויף איר שטערן וואָלטען געווען אויפגעקריצט די ווערטער: „פאַראַכט! דו ביזט ניט ווי אַלע אַנדערע", האָט תמיד אין איר אַ באַהאַלטענער כבוד גערעדט. דערפאַר האָט זי זיך איינגעשמועסט, אַז זי ווייסט מער ווי אַלע אַנדערע און ווייסט אַלץ, און דערפאַר האָט זי איצט, ווען זי האָט זיך געקליבען צו דער אַרבייט געהן, געפיהלט אַ פאַרדרוס, וועלכער האָט דורכגעברענט איר האַרץ, פאַר דער גלייכגילטיגקייט צו איר טאָג־טעגליכען, ניט־געענדערטען, אומעטיגען לעבען.

דער דרויסען האָט שוין געטומעלט, גערוישט. די גאַסען זיינען ענג געווען פון פוסגעהער, פון טראַמוואַיען, פון אויטאָמאָבילען, ווען זי איז אַרויס פון הויז אינם קאַלטען ווינטערמאָרגען.

עס האָט פאַר איר געשווינדעלט. מענשען האָבען זיך געאיילט וואוהין מיט אַריינגערוקטע הענט אין די קעשענעס און מיט פעקלעך עסען אונטער די אָרעמס, האָבען אויסגעזעהן ווי שול־קינדער, וואָס יאָגען זיך, איילען זיך צו קומען צו דער צייט, ניט צו פאַרשפּעטיגען חלילה, כדי דורך דעם ניט צו דאַרפען זיך פאַרענטפערן פאַר דעם שטרענגען לערער. קאָמיש זיינען נאָר געווען זייערע פיזיאָגנאָמיען — געבויגענע, אַלטע, צעקנייטשטע פנים'ער, מידע בליקען, האַלב־פאַרשלאָפענע, פאַרדריסליכע. אַ סך פון יונגוואַרג זיינען געגאַנגען אונטערטאַנצענדיג; געאַרבעטע מיידלעך, אַרויסרופענדע יונגע־לייט האָבען געשמייכעלט, געלאַכט, געוויזען זיך זאָרגלאָז. אָבער טילי האָט געקענט לייכט זעהן, ווי ביי איטליכען אין האַרץ, פונקט ווי ביי איר, ליגט אַ ווייטאָג. ניט מער, עס שמייכעלט זיך, ווייל אַזוי אַרום וועט אפשר אַביסעל גרינגער ווערען.

פאַרוואָס קאָן זי ניט אַזוי שמייכלען, געהן אַזוי ווי זיי און ווייזען פרעהליכקייט? דאָס קענען נאָר אָט די יונגע, נאַרישע מענשען. ווייזט אויס, זי איז ניט צו דעם; זי איז דאָך ניט ווי זיי.

טיילמאָל האָט דער דאָזיגער געדאַנק איר געבראַכט טרייסט, אָבער היינט האָט זי אין דעם קיין טרייסט ניט געזוכט. זי האָט איצט געפיהלט, ווי די בעט־וואַרימקייט ליגט נאָך אויסגעשפּרייט אין אירע גלידער; דער גוטער זיסער שלאָף, פון וועלכען זי האָט זיך היינט מיט כח אָוועקגעריסען, ליגט נאָך אין אירע אויגען און איר מויל האָט זיך נאָך געקוויקט מיט דעם טעם פון דער הייסער, שטאַרקער קאַווע, וואָס זי האָט ניט דערטרונקען, מיינענדיג, אַז ס'איז שוין שפּעט אין שאַפּ אַריין — פון דעם האָט זי געטראַכט און איז אומעטיג געוואָרען.

געקומען איז זי אין שאַפּ אַריין די לעצטע, ווי תמיד, אָבער קיינער פון די אַנדערע האָט נאָך ניט געאַרבייט. די פרויען האָבען אַרויסגעקוקט אין גאַס דורך די פענסטער; אַנדערע האָבען זיך גרופּירט צו עטליכע, איינע האָט ביי דער אַנדערער צורעכט געמאַכט עטוואָס פון אָנטועכץ; די מענער, צונויפגעשטעלט אין איין גרופּע, האָבען גערעדט, געשפּאַסט, געלאַכט. עס איז געווען קענטיג, אַז מען האָט דאָרט צווישען זיך גערעדט עפּעס ציניש'עס. טילי איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דער דאָזיגער גרופּע ווי לויפענדיג. עפּעס האָבען זיך די פיס הינטער איר פון זיך אַליין אַ יאָג געטאָן. זי האָט דערפיהלט אַ בריק אין האַרצען פון זייער געלעכטער, וואָס זיי האָבען גראָד ביי איר אַריינקומען אויסגעשאָסען. ווי מאָרנע זי איז. זיי האָבען זי זיכער ניט אין זין געהאַט, האָט זי זיך דאָך פאָרגעשטעלט, אַז די טעמע פאַר אָט דעם לאַכען איז געווען מסתמא די ווייבליכקייט, פון וועלכער זי איז אַליין אַ טייל.

אָך וואָס פאַר אונגעהובלעוועטע מענשען דאָס לעבען פאַר מאָגט נאָך. גראָבע, צינישע.

ביי דער מאַשין, וואו עס איז איר פּלאַץ געווען, האָט זי גענומען זיך גרייט מאַכען צו דער אַרבייט. פון דאַנען, ווען זי האָט אַ ווײַלע שפּעטער אַ בליק געטאָן צו דער גרופּע מענער, איז אַ שטאָך איר דורך דורכ'ן האַרץ: דאָרט אין זייער מיט איז געשטאַנען דער יונגער מאַן, וואָס איז דאָ אַהער אָנגעקומען אַרבייטען די לעצטע צייט, און זינט יענעם טאָג, וואָס זי האָט אים צום ערשטען מאָל דערזעהן, איז זי אין זיין אָנוועזענהייט אַרומגעגאַנגען אין אַ געדריקטער שטימונג: זי האָט אין אים דערזעהן אַ מענשען, וועמען זי האָט זיכער ערגעץ־וואו באַגעגענט מיט אַ סך צייט צוריק. מיט וועמען זי האָט אודאי אויך גערעדט; נאָר ווען און וואו דאָס איז געווען און ווער ער איז, האָט זי זיך אָבער ניט געקענט ערקלערען, געפיהלט ווי אָט דאָס ניט קענען דערקלערען זיך האָט זיך איר אין האַלז פאַרשטעקט ווי אַ ביין.

זיין פּנים איז געווען פון יענער אינטערעסאַנטער בלאַסקייט, וואָס מען טרעפט געוועהנליך ביי מעלאַנכאָליקער. נאָר דאָ איז עס דורך די טיף־שוואַרצע האָר און טונקעלע אויגען פאַראיידעלט געוואָרען.

וואו האָט זי דעם דאָזיגען שענעם מאַן געזעהן? איצטער זעהענדיג אים אין דער גרופּע ציניקער, האָט זי זיך פאַרשעמט און זיך צוגעקוקט צו אים אונגלויבליך. עס האָט זיך איר אַלע מאָל געוואָלט, אַז ער זאָל אַנדערש זיין פון אַלע און אַז עס האָט איר ווען עס איז זיך אויסגעוויזען, אַז ער איז אין אמת'ן אַנדערש פון אַלע, איז דאָס איר שטאַרק געפעלען געווען, און זי האָט זיך אפילו אַרומגעטראָגען מיט אַ באַהאַלטענעם שטאָלץ: דאָס איז ריכטיג; ער איז דאָס, וואָס זי — אַן אַנדערער. ווי זי, האָט ער געהאַלטען זיינע אָנגעלעגענהייטען אין געהיים, מיט קיינעם ניט גערעדט, זיך מיט קיינעם ניט צונויפגעקומען. אַ, ווי דאָס האָט איר פרייד פאַרשאַפט. און איצטער? איינער ווי אַלע, און ווי אַלע — באַדויערנסווערט.

זי האָט אויפגעהערט זעהן אין אים וואָס באַזונדערס. זיין באַקאַנט אויסזעהן האָט שוין ניט אויסגעאיבט אויף איר דעם באַגער אַריינצודרינגען אין זיין נשמה, כדי צו זעהן ווער ער איז.

נאָר אין אָוונט, ווען זי איז געזעסען ביים פענסטער אויף אַ וויג־שטול ביי זיך אין צימער און אַרויסגעקוקט אין דעם טונקעלען דרויסען און געטראַכט פון אים, האָט זי אויך געטראַכט פון פיל יונגע לייט, אָן וועלכע זי האָט זיך איצט דערמאָנט, וואָס האָבען אויף זייערע ליפּען איר דאָס וואָרט ליבע געבראַכט און זיינען גיך אויסגעלאָשען געוואָרען פאַר אירע אויגען. געקומען, געזאָגט אַז מען ליבט זי, אָפּגעשפּילט זיך מיט איר און ניט געוואָרען. דאָס האָט איר געמאַכט איצטער אַ סך דענקען. פון דעם האָט זיך עס אויך אויסגעבילדעט אַ באַגריף אין איר מוח, אַז זי אַליין איז עפּעס וואָס באַזונדערס; נאָר זיי, די מענער, זיינען דאָס זינדיגסטע, דאָס באַדויערנסווערטע אינ'ם לעבען.

אונקלאָר איז איר דאָך איצט געווען איין זאַך. עס איז דאָך ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי פאַרטראַכט זיך וועגען די פאַרגאַנגענע ליבעס. פאַרוואָס לייטערט זיך איצטער איר נשמה אַזוי האָפנונגספול אויס? און דאָס איז נאָכדעם ווי זי איז שוין ביז'ן האַלז אָנגעטרונקען מיט ביטערער אַנטוישונג און שטאַרק פאַרוואונדעט פון דעם אָפטען פאַלען פון די הויכע לופט־שלעסער, וואָס זי האָט ביי יעדער געלעגענהייט זיך אויפגעבויט און אירע בעסטע שעה'ן אין זיי פאַרבראַכט.

דעם ענטפער אויף דעם האָט, ווייזט אויס, געדאַרפט געבען דער מענער־קול, וואָס האָט ערגעץ דורך דער וואַנט אָפּגעזונגען אין דער מינוט. טילי, מיט דעם צוריקגעלעהנטען קאָפּ, די הענט געקרייצט אויף דער ברוסט, האָט זיך איינגעהערט. דער מאַן איז געווען אַ גליקליכער. אין זיין זינגען האָט זי עס געהערט.

---

פון מיין פאַרטראַכטקייט אויפגעשפּרונגען, פון מיינע זעהונגען אויפגעוואַכט . . .

פינף אַ זייגער — האָט די קראַנקען־שוועסטער האַרט און ווי באַפעלענד אויסגערופען . . .

און ווי נעפּלאָגט און גענאָגט האָט מיין האַרץ ווען איך האָב מיין האַנט אויסגעשטרעקט איר „אַ גוטען טאָג" זאָגען, און דערזעהן ווי זי איז נאָך אַלץ אַזוי געלעגען מיט'ן קאָפּ אויפ'ן האַרטען צוקאָפּענס אָנגעשפּאַרט, די אויגען איינגעגראָבען אין ווייטען, גרויען רוים, און ווי אירע בלייכע, דינע הענט האָבען אויטאָמאַטיש געצופּט אַ גאַנץ־קליין, צודרייט נאָז־טיכעל.

און גליקליך איז זי געווען דערפאר, וואס ער האט געהאט דעם מוט צו זיין פרייליך.

און הערענדיג דעם פרייליכען מענער־ברוסטיגען געזאנג, איז איר יעדע אונקלארע זאך קלאר געווארען. עפעס האט זיך צוקלינגען אויך אין איר, וואס איז אזוי נאהנט געווארען צו איר הארץ. א פריידיג פייער האט זיך צוצונדען אין איר און אויס־געברענט אלע איהרע ערגערע אינערונגען און די גאנצע צוגעבונדענקייט צו דעם וואס זי איז ביז היינט געווען.

„דו ביזט נאך ווייט ניט אויסגעשפילט. ביזט נאך מיט א יונג און סאכיג הארץ. ליב!"

האט דאס ווער אין איר אזוי גערעדט? איז דאס דען ניט אמת? פארוואס ניט ווידער פיהלען ליבע, ארעמס, אויפציטער־רונגען, באגערונגען? זאל זיין, אז אין הארצען וועט אפשר דער־פון נאך א קבר צוקומען. מילא, איז נאך א קבר. איר הארץ איז גרויס. נאך דא ביי איר גענוג פלאץ פאר קברים.

מען האט דא דרויסען א קלאפ געטאן אין טיר. זי איז אויפ־געשפרונגען. די טיר האט זיך ניט באלד געעפענט. האט זי דען גערופען אריינקומען? אפשר האט מען גאר ניט געקלאפט אין טיר? אבער די טיר האט זיך געעפענט און זי האט בעת דעם געפיהלט קאפ־ווערהטאג.

א מאן איז אריינגעקומען און געזאגט: „גוטען אוונד".

אירע בליקען האבען זיך מיט זיינע באגעגענט.

„ער?"

...אט דא טאקע...

טאקע אין דעם הויז — אין א נאכמיטאג — אראפגעהענדיג מיט די טרעפ, האט זי אים געזעהן — געזעהן אים ארויפגעהן.

א בלוט־כוואליע האט זיך צעגאסען איבער אירע באקען.

ער האט געלאכט:

— וואוינען מיר דאך אויך אין איין הויז! אינטערעסאנט. ווייזט אויס, אז מיר וואוינען שוין דא פון לאנג אלס שכנים? האבען מיר זיך נאך קיינמאל ניט באגעגענט אויף די טרעפ? איר זענט אויך אליין?

— יא, אליין, ווי איהר זעהט.

און ער האט זיך גאר ניט געקענט אפוואונדערן פון דעם פאקט, וואס ער האט א שכנ'טע, מיט וועלכער ער ארבייט אויך צוזאמען.

און ביי דער געלעגענהייט האט טילי מיט ערשטוינונג באמערקט, אז ער רעדט א סך. זי האט זיך דערמאנט אן דעם געלעכטער אין שאפ, פון דער גרופע מענער, וואו ער איז געווען דער צענטער. און איצט איז איר פארגעקומען, אז דאס האט ער מיט זיין א סך רעדען זיי צום לאכען געמאכט.

זי האט געוואלט אנצינדען די גאז.

— עס איז ניט נויטיג — האט ער זיך געבעטען — איך וועל אייך דא לאנג ניט שטערען. בין געקומען זיך פרעגען, צי איך קען קריגען ביי אייך געבארגט א שירם אויף א פאר שעה?

— רעגענט דען אין דרויסען?

זי איז צוגעגאנגען צום פענסטער און באמערקט נעהן א שווערען רעגען.

— פארטראכטע מענשען זעהען ניט וואס עס טוט זיך זיי פאר דער נאז, פונקט ווי איך — האט ער געלאכט.

זי האט ניט געענטפערט.

— ווייסט איר גאר וואס? — האט ער זיך א כאפ גע־טאן, — איך וועל אייך איינלאדען צו מיר. — ער האט די טיר געעפענט און געוויזען צו זיין צימערל: — ביי מיר איז ליכטיג. קומט, איר זענט דאך ניט קיין פארהייראטע פרוי, איר דארפט דאך ניט מורא האבען צו געהן אין א בחור'ס צימער?

— דאס איז אן אריגינעלער געדאנק — האט זי א שמייכעל געטאן און געטראכט פון די קברים, וואס זי טראגט אין הארצען. איז דאך אבער איר געפעלען געווען זיין איינלאדונג. אך, ווען נאר ניט אזוי דערעסען־העפליך, וואס ער דערמאנט אן די גע־וועזענע און פארשוואונדענע. וואלט ער כאטש געווען אן אנ־דערער און געזאגט איר פער דו: „קום צו מיר, טילי!" אי דאס וואלט געווען פריש, ניי, גוט, ווי אויך עפעס באפרידיגענד. ניטא קיין נייקייט אין לעבען.

זי איז געגאנגען.

זי האט געפונען ביי אים א שענע בחור'שע בעל־הבית'יש־קייט.

— נו, שלעכט ביי מיר? — האט ער געקוואלען.

זיין בלאס פנים, זיינע האר — ווי אינטערעסאנט! די אויגען אזוי ברענענד און ליב.

די באקוועמליכקייט אין צימערל האט געשמעקט מיט זיין פערזענליכקייט. דאס ווייסע בעט האט געגלאנצט, האט זיך, דוכט זיך, געגרויסט מיט זיין בחור'שען בעל־הבית.

— קומט מיט מיר ערגעץ. קומט שפאצירען, קומט אין טעאטער.

— אויפ'ן רעגען? — איז זי רויט געווארען.

— יא — האט ער זיך א כאפ געטאן, — האב איך זיך שוין פארגעשטעלט? ווייסט איר מיין נאמען? א, זייט זשע אזוי גוט — דוד און... מער דארף מען ניט. און איר, ליבע, קליינע שכנ'טע, ווי הייסט איר?

— טילי — האט זי שטיל געזאגט. — מעהר ווילט איר דאך ניט?

— יא, איך וויל נאך עפעס: איינער פון אונז זאל אויפ־געבען די וואוינונג און אריינציהען צום אנדערען. בלייבט איר ביי מיר, טילי?

און ער האט זיך צו איר צוגעבויגען.

— איר זענט דאך ניט ווי די מערסטע... איר לאכט? זעה איך דאך טרערען: איר וויינט, טילי? נארישקייטען. וואס איז דא צו וויינען. מיר האבען דאך אונזער מארגען. יא, טילי?

און זי האט אים, דעם גליקליכען, געלאזט אפזוכען איר מויל און געפיהלט ווי זי וואלט דעם לשון פארלוירען.

ער האט דאס אויך געפיהלט.

און ביידע האבען אהן לשון זיך געפרייט איינער מיט'ן אנדערען.

# אין הונגערלאנד

פון יצחק ראנטש

פרעסט און שנייען, ווינטען בלאזען —
כ'חאב א שוועסטערל געלאזען
דארט אין הונגערלאנד . . .

מענטשען־חיות: שאלטען, וואלטען —
וואו האט זי זיך איצט באהאלטען,
דארט אין הונגערלאנד?

נויט און הונגער, פעסט און פיין —
וואו קאן איצט מיין שוועסטער זיין,
דארט אין הונגערלאנד?

בלוט און רויך און שווערד און פייגד —
האט א שוץ זי, האט א פריינד,
דארט, אין הונגערלאנד? . . .

הייזער — חורבות, שטעט — רואינען —
וואו קאן זי זיך איצט געפינען,
דארט אין הונגערלאנד?

# „עולי רגל" צום ארב. רינג סאַניטאַריום

פון בעני פרישוואַסער
(מיטגליד פון דער נאַצ. סאַניטאַריום קאָם.)

נישט נאָר א.־ר. מיטגלידער, וואָס קוקען אויפ'ן סאַניטאַריום, מיט רעכט, ווי אויף זייער אייגענטום, נאָר אפילו ווילד־פרעמדע, וואָס זיינען אין דער ארומיגער בערגיגער געגענט אויף וואַקאַציע, האַלטען עס פאַר זייער פליכט צו באַזוכען אונזער סאַניטאַריום אין ליבערטי. עס זיינען פאַראַן זומער־טעג, ווען עס ציהען זיך אהין גאַנצע קאַראַוואַנען פון אויטאָמאָבילס און שורות פון פוסגעהער. אַנדערע קומען מיט קלאַפּענדיגע הערצער זעהן, ווי עס קוסט אויס דער שטאָלצער ארבייטער־רינג מאָנומענט, און אַנדערע נאָר פון נייגיריגקייט, צו זעהן ווי אַזוי ארבייטער קאָנען עס אַליין מיט אייגענע כחות, אויפהאַלטען אַזאַ גרויסע אינסטיטוציע.

דורכצולאָזען די געלעגענהייט פון זיין אין די קעטסקיל־בערג און נישט זעהן דעם סאַניטאַריום מיינט פאַר פילע — „צו זיין אין דער קענעדישער פּראָווינץ פון אָנטאַריאָ און נישט צו זעהן די וואונדערבארע נייאַגאַראַ פאָלס".

פיל פאַרמעגליכע באַזוכער קאָנען בשום־אופן נישט פאַרשטעהן די אורזאַך פארוואָס מ'וויל נישט אָננעמען זייער אָנגעבאָטענעם בייטראַג פאַר'ן סאַניטאַריום. זיי זיינען פון שטענדיג אָן געוואוינט, ווען זיי קומען אין ענליכע אינסטיטוציעס, אז מ'זאָל זיי געבען צענדליגע איידעלע אָנצוהערענישען, אז זיי זאָלען עפּעס מנדב זיין. אין אַנדערע ערטער רייסט מען זאָגאַר פשוט פון די פּאָלעס, אז מ'זאָל איבערלאָזען א „שיינע נדבה" — און דאָ נאָר באַליידיגט מען זיך נאָר ווען מ'באָט זיך אַליין אָן א בייטראַג!

עס טרעפען אויך באַזוכער, וואָס ווילען דורכאויס זעהן די קראַנקע פּאַציענטען, אום צו קאָנען אויסדריקען זיי זייער סימ־פּאַטיע דורך מאַטעריעלער הילף. זיי ווערען אָפט עפּעס ווי האַלב אַנטוישט, ווען מ'ערקלערט זיי, אַז די פּאַציענטען אין ארבייטער־רינג סאַניטאַריום נויטיגען זיך נישט אין קיין שטיצע, ווייל זיי קריגען אין סאַניטאַריום אַלץ, וואָס זיי דאַרפען. דער־פאַר נעהען אַוועק אַנדערע אַזוי באַגייסטערט פון דעם פאַקט, אַז זיי באַשליסען ביי זיך צו ווערען מיטגלידער פון ארבייטער־רינג אַזוי שנעל נאָר ווי זיי וועלען קומען צוריק אין שטאָט.

אינטערעסאַנט איז צו באַטראַכטען די גרופּען פון ארביי־טער־רינג מיטגלידער, וואָס באַזוכען דעם סאַניטאַריום צום ער־שטען מאָל. עס מישען זיך ביי זיי די געפילען פון שטאָלץ און ערשטוינונג. אַנדערע פון זיי ווערען אַזוי באַגייסטערט, אַז זיי קאָנען נישט פאַרבאָרגען די בליסטשענדע טראָפּענס אין די אויגען פון אויפרעגענדען פרייד. עס טרעפט, איינער גיט א זאָג: ווי מאַכט מען, אַז אַלע מיטגלידער פון אונזער ברענטש זאָלען דאָ זיין איצט און זעהן דאָס, וואָס מיר זעהען — זיי וואָלטען ערשט דאַן געוואָרען א.־ר. מיטגלידער אין פולען זין פון וואָרט.

זיי נעהען ארום און באַקוקען יעדע זאַך, יעדע געביידע, פונקט ווי א יורש, וואָס זעהט צום ערשטען מאָל זיין אייגענטום, וואָס ער האָט גע'ירש'ענט. די אַלע געביידעס, שטרעקעס פּלאַץ, באַגראָזטע און באַבוימטע בערגלאַך און טאָלען שטעלען מיט זיך פאָר אַן איינדרוקספולע פּאַנאָראַמע פאַר יעדען נייעם באַ־זוכער, איבערהויפּט נאָך אויף אונזערע מיטגלידער, וואָס פילען, אַז עס איז זייערס, זייער אייגענס, וואָס איז ציגעל נאָך ציגעל און שפּאַן נאָך שפּאַן ערוואָרבען געוואָרען פון זייער קאָ־לעקטיווען ווילען און אָנשטרענגונג.

עס איז פאַראַן נאָך א קלאַס באַזוכער, וועלכע ווערען, דוכט זיך, נישט נתפּעל פון דעם בילד, וואָס זיי האָבען פאַר זיך, און וועלכע פילען זיך גאַנץ חיימיש אויף דעם באָדען, אָבער — איר קוקט זיי אָן און איר זעהט ווי זייערע הערצער געהען איבער איבער די ברעגען, ווי אַן איבערגעפילטער כוס וויין. א מאָדנע פרייד שטראַלט פון זיי ארויס, א פרייד געמישט מיט דאַנקבאַר־קייט, מיט ברכה, מיט א פעטען אויפגעשוימטען געמיט. דאָס זיינען די עקס־פּאַציענטען פון סאַניטאַריום, וואָס זיינען פול־שטענדיג געזונט געוואָרען. זיי קומען א קוק טאָן אויף דעם פּלאַץ, וואו זיי האָבען צוריק געפונען זייער פאַרלאָרענעם גליק, זייער כמעט רואינירטען לעבען. אַנדערע פון זיי זיינען שפּע־טער, דורך די ברענטשעס, פשוט געשטעלט געוואָרען אויף די פיס און זיינען געוואָרען פאַרמעגליך גענוג, אַז זיי זאָלען קומען באַזוכען דעם סאַניטאַריום אין אַן אייגענעם אויטאָמאָביל . . .

אין אַלגעמיין איז דאָס פאָרען פון די עקס־פּאַציענטען צום סאַניטאַריום איין מאָל אין יאָר געוואָרען כמעט ווי א רעליגיעזע פליכט. איינער איז זיך נוהג צו נעמען איין מאָל אין יאָר זיין פרוי און קינדער און קומען מיט זיי אין סאַניטאַריום, אין דעם פּלאַץ, וואו ער איז געהאָלפען געוואָרען און ארויסגעריסען זיך פון די שאַרפע נעגעל פון דער פּייניליכער קראַנקהייט . . . ער גלויבט, אַז ווען אפילו זיינע קינדער וועלען אויפוואַקסען, וועלען זיי אויך אַליין אָפּהיטען דעם באַשטימטען טאָג אין אויגוסט און באַזוכען צו אנדענקען דעם סאַניטאַריום.

אָט אַזוי ווערט ביסלעכווייז דער סאַניטאַריום אין ליבערטי די „מעקאַ" פון ארבייטער־רינג און צענדליגע און הונדערטער וועלען מיט אויפגעעפענטע אויגען יעדען יאָר באַטראַכטען די וואונדערבארע ווערק פון די אָרגאַניזירטע אידישע ארבייטער.

## אינטערעסאַנטע פראַגען

(צום דיסקוטירען אין די ברענטשעס)

ארבייטער־רינג פראַגען:

1) צי זאָלען מיר אייַנפירען א פאָנד, וואָס זאָל זיך זאָרגען פאַר דער בוקינגס פון די געזונט־געוואָרענע קאָנ־סאַמפּטיווס?

2) וואָס פאַר א שייכות האָט דער ארבייטער־רינג צו קאָאָפּעראַציע?

3) צי דאַרפען מיר אין צייט פון פּראָספּעריטעט איינ־פירען א פאָנד, פון וועלכען מ'זאָל דעקען די בילס פון סטרייַ־קענדע מיטגלידער אויף א געוויסער צאָל קוואָרטאַלען?

אַלגעמיינע ארבייטער־פראַגען:

1) צי דאַרפען די ארבייטער ארפּלאָזען א ביסעל פון זייערע „ווידזשעס", כדי צו קריגען אין דער שלעכטער צייט א ביסעל ארבייט?

2) צי דאַרפען מיר שטעהן פאַר א פרייער, אומבאַגרע־ניצטער אימיגראַציע פון כינעזער און יאַפּאַנעזער?

3) פאַרוואָס זיינען די אַמעריקאַנער ארבייטער נישט גע־נוג קלאַסענבאַוואוסט?

# די לאַגע פון פאַציענט

פון י. גוז־ריווקין

וויסען וואס דער ארבייטער־רינג איז אזעלכעס און וואס ער טוט אויף, קאן נאר דער, וועלכער איז פאראינטערעסירט און האט אין אלגעמיין א גוטען חוש צו באאבאכטען . . . נאטירליך, ווען יעדער ארבייטער וואלט פארשטאנען, אדער געוואלט פארשטיין, זיין אייגענע לאגע גרינגדליכער און מיט מער איבערגעבענהייט, וואלט שוין איצט „דער ארבייטער־רינג" געדארפט פארמאגען ניט קיין אכציג טויזענט מיטגלידער, נאר אלע ארבייטער פון דער גאנצער וועלט וואלטען געדארפט זיין פאראייניגט אין איין גרויסען „רינג", און מיט געמיינזאמע קרעפטען וויים מען שוין גאנץ גוט וואס מ'קאן אויפטאן . . . ליידער איז נאך גאנץ ווייט צוזאמענגענעמען די פארבלאנדזשעטע שעפעלאך — די ארבייטער — און זיי פירען אין איין ריכטונג — אויף א גלייכען, ליכטיגען וועג . . . און דאך, ניט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען, רוקען מיר זיך אלץ ווייטער און ווייטער. דער ארבייטער־רינג איז שוין איצט א ריזיגער זייל אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג, און ער ווערט אלע מאל ברייטער און גרעסער. א ניי שטאלען רינגעלע און ווידער א ניי שטאלען רינגעלע . . . און ס'איז א פארגעניגען צו שטעהן אין מיטען דעם „רינג" און צוקוקען ווי א זאך וואקסט און אנטוויקעלט זיך פון איין קליין רינגעלע אין אזא מעכטיגער קייט . . . אבער קיינער פון די ארבייטער, און באזונדערס פון די אויפגעקלערטע ארבייטער, טארען ניט און דארפען ניט שטעהן אין דער זייט און גלאט הנאה האבען פון דער „בלום", וואס בליהט, אנטוויקעלט זיך, נאר ער דארף אלע מאל געדענקען די פליכט, וואס ליגט אויף זיינע פלייצעס.

מיט אלע קרעפטען דארפען מיר אלע העלפען אויפבויען וואס מער זיילען, סלופעס, וועלכע זאלען אונטערהאלטען דעם בנין, וואס הייסט „ארבייטער־באוועגונג . . . שטעלט אייך נאר פאר אונטער וועלכע געפארען דער ארבייטער איז ביי היינטיגער צייט אונטערוואָרפען: הונגער, נויט, קראנקהייטען און נאך און נאך. און ווער זארגט זיך פאר אים? וועמען געהט ער אן, דער בידנער שקלאף? די ברויטגעבער קימערט ווייניג־וואס די לאגע פון די ארבייטער! זיי האבען אלעס. אבער דער ארבייטער? . . . דער ארבייטער? . . . וואס האט ער? . . . און ווערט ער קראנק און האט שוין קיין כח צו שקלאפען מער אין די פינסטערע, וויסטע פאבריקען, וואו יעדע מינוט איז ער איינגעשטעלט מיט'ן לעבען, ארונטער אונטער א ראד פון א מאשין, דער'הרג'עט ווערען פון „עלעוויטער", אדער גלאט אזוי זיך ארומגערינגעלט פון מיליאנען אנשטעקענדע באצילען, וואס ווילען אים איינשלינגען און שלינגען אים טאקע איין . . . ווען דער „ארבייטער" ווערט קראנק, טרייבט אים דער בעל־הבית ארויס פון פאבריק און שוין! שטארב פאר הונגער, און וועמען ארט עס! דער שטאט זארגט פאר אים, וועט איר מיר זאגען! נו, געוויס . . . ער האט סאניטאריומס גענוג פאר זיינעטוועגען, וואו ער זאל זיינע מידע ביינער אויסרוען. אמת! האט איר עמיצער געפרובט א שמועס טאן מיט א פאציענט פון א סטייט־סאניטאריום? . . . איך האב יא גערעדט, און מיט פילע. און זיי האבען זיך ביטער באקלאגט פאר מיר: מ'גיט ניט קיין גוט עסען! מ'צווינגט ארבייטען! מ'באהאנדעלט ברוטאל! אלעס איז אונטער א סאלדאטען־דיסציפלין . . . און אזוי כמעט איבעראל. דער ארבייטער־רינג פארמאגט אויך א סאניטאריום אין די בערג — אין ליבערטי. און אדרבא, זאל כאטש עמיצער מיר איבערצייגען, אז דאס עסען איז ניט גוט, די בעטען ניט ריין, די מילך וואסערדיג, די באנעמונג א שלעכטע? די אייער ניט פריש? . . . היינט ליינט די טשיקען דאס איי און מארגען עסט עס דער פאציענט . . . נו, דענקט איר אז ס'שמעקט ניט גוט? און געפינט זיך א פאציענט, וואס טאר ניט עסען קיין רויט פלייש, פארשרייבט אים דער דאקטער א דיעטע פון „טשיקען־פלייש" און אנדערע לייכטע שפייזען. מיט איין ווארט, מ'טוט דאס בעסטע, אז אלעס זאל זיין גוט. אלע זונטאג קומט א מיטגליד פון „סאניטאריום־קאמיטע" און פרעגט זיך נאך, וואס און ווען. און מ'זעהט עס בולט, אז זיי ווילען, אז דער פאציענט זאל זיך פילען גוט און פריי. פאציענטען ארבייטען ניט, נאר דאס איינציגע וואס זיי האבען צו טאן איז עסען, טרינקען, שלאפען, לעזען און זיך אמוזירען. נאטירליך, יעדער פאציענט אויף זיין אייגענארטיגען אופן . . . און דאס איז א פאקט, אז צווישען אזוי פיל מענשען געפינען זיך פארשידענארטיגע טיפען: אייניגע בעסערע און אייניגע ערגערע. אין אלגעמיין אבער לעבען זיי צווישען זיך נאענט און באפריינדעט. וואלט עמיצער געפרובט קווענקלען זיך אין א סטייט־סאניטאריום? ער האט דאך מורא א שלעכט ווארט צו זאגען, ווייל אניט וועט ער שוין קריגען א גאב, אז ער וועט שוין קינדס־קינדער פארזאגען מער ניט צו טאן אזא זאך . . . דא איז ער אבער א „תקיף" — ס'איז זיינס, און ער כאפט שוין אפילו צייטענווייז אריבער די מאס. אבער שא . . . ס'איז צווישען אייגענע, און א קינד מוז מען פארשווייגען . . . הכלל, ס'קאן אבסאלוט ניט זיין בעסער ווי דער פאציענט קריגט ביי זיך אין „ארבייטער־רינג־סאניטאריום". דאס איז אלץ וואס איז שייך אינווייניג, אבער ס'איז דא א פראגע, וואס איז נאך ביז איצט ניט אויפגעהויבען געווארען, און דאס איז נעמליך: וואס טוט מען מיט'ן פאציענט, ווען ער געהט ארויס פון סאניטאריום? . . . ער האט זיך שוין אויסגערוהט, אויסגעהיילט און דארף פארען אהיים. שטעלט זיך א פראגע, וואס טוט מען מיט אים איצטער, ער זאל ניט אומפאלען? . . . ביז איצט איז עס געפאלען אויפ'ן קאפ פון די ברענטשעס. יעדער ברענטש האט זיין מעמבער, דעם חולה, געדארפט העלפען ברידערליך . . . איז אבער די געשיכטע אזוי: דער ברענטש מוז סיי־ווי־סיי ארויסהעלפען דער פאמיליע פונ'ם קראנקען און ער גיט אלע מאל מער ווי מ'צאלט געוועהנליך בענעפיט. איז טאקע שווער פאר'ן ברענטש אזא אונטערנעמונג. דער „ארבייטער־רינג" אלס א גאנצער קאן זעהר פיל אויפטאן, אויב מ'וועט נאר ערנסט זיך באציען צו דער פראגע. אזוי ווי דער ארבייטער־רינג באשטעהט פון אכציג טויזענט מעמבערס און דער סאניטאריום גיט [illegible], לאמיר זאגען, הונדערט פאציענטען א יאר, וואלט געווען ראטזאם, אז יעדער מעמבער זאל צו זיינע אלע דיוס צוגעבען איבער'ן יאר נאך איין דאלאר, און דאס מיינט אכציג טויזענט דאלאר . . . פון די הונדערט ארויסגעלאזטע פאציענטען קאנען געוויס ארונטערגעהן צען־פופצען, וועלכע זיינען פארמעגליכע און נייטיגען זיך נים אזוי שטארק אין הילף, אבער די איבריגע אכציג נייטיגען זיך אבסאלוט אין שטיצע, און דאס וואלט געווען איינע פון די גראנדיעזעסטע אויפטואונגען פאר די עקס־פאציענטען פון ארבייטער־רינג סאניטאריום . . . ווען דער פאציענט קריגט טויזענט דאלאר, ווען ער טרעט ארויס פון סאניטאריום, איז ער אבסאלוט פארזיכערט, ווייל דער יאך פון פרנסה פאלט ניט גלייך אויף זיינע פלייצעס. ער האט צייט זיך ארומצוקוקען וואו ער איז אין דער וועלט . . . די ברענטשעס, נאטירליך, וועלען אלע מאל טוען פאר זייערע מעמבערס אלץ וואס סוועט נאר מעגליך זיין פון לאקאלען שטאנדפונקט . . . איך בין זיכער, אז ס'וועט נעמען ניט לאנג און דער ארבייטער־רינג וועט זיך גרויסען מיט נאך אן אויפטו.

---

מיר האבען אזוי אויך נישט געדארפט פארגעסען אז אונזער אלטען, ליבען, קעמפענדען „בונד", אבער זאל מעדעמ'ם קומען אהער ארויסרייסען פון אונז די שבועה — „אם אשכחך „בונד" — תשכח ימיני".

* * *

דער בונד פארלאנגט איצט נישט אייער הענטשקע, נאר אייער ווארעמע ה א נ ט . . .

ענדליך דערלעבט. מאסאטשוזעטס איז שוין אויך אפען פאר אונז, און זאלען זיך אויפעפענען נייע קוואלען פון ענערגיע און טעטיגקייט צווישען אונזערע טוער.

* * *

אונזערע טרייע א.־ר. מיטגלידער פון טאראנטא וועלען געוויס זיך פריידען צוזאמען מיט אונז, וואס אונזער 21טע קאנווענשאן וועט זיין אין באסטאן . . .

# דער דאָקטאָר־פילאָזאָף סטאַראָבינסקי

(סקיצע) פון **תלוש**

דער דאָקטאָר־פילאָזאָף סטאַראָבינסקי איז געווען אַ מענש ניט קיין באַוועגליכער, מיט זעהר אַ בלאַסען פּנים, אויף וועלכען ס'האָט שטענדיג געשוועבט אַ שטילער און גוטמוטיגער שמייכעל.

אין דער אימיגראַנטען־סאָלאָניע האָבען אַלע געקוקט אויף אים ווי אויף אַ מאָדנער בריאה. מיט קיין פרוי האָט מען אים קיינמאָל אין ערגעץ ניט באַגעגנט, און אויף דעם חשבון פלעגען טאַקי די סטודענטען גאַנץ אָפט אָפּלאַכען פון אים; מען פלעגט דערציילען אַזאַ חכמה:

איינמאָל האָט אים אַ גאַסען־מיידעל אָפּגעשטעלט אין גאַס און אים פאָרגעשלאָגען, ער זאָל מיט איר געהן פאַרברענגען; האָט ער, דער דאָקטאָר־פילאָזאָף, פאַר איר זיך גאַנץ העפליך אַ נייג געטאָן און ענטשולדיגענדיג זיך איר געענפערט, אַז ער איז אַ וועגעטאַריאַנער און עסט ניט קיין פליישיגס.

יעדען פרימאָרגען, פּונקט ניין אַ זייגער, פלעגט ער, מיט אַ פּאָרטפעל אונטער'ן אָרעם, אַוועקגעהן אין דער גרויסער ביבליאָטעק און דאָרטען האָט ער זיך לאַנג אין אַלטע ביכער געגריבעלט, אַרבייטענדיג איבער זיינע פילאָזאָפישע ווערק, און שוין צו אויף־דער־נאַכט פלעגט ער לאַנג זיצען אין אַ קאַפע־הויז, וואו מוזיק שפּילט, און פון דערווייטענס געקוקט אויף שיינע, רייך־פאַרפוצטע פרויען, וועלכע ער האָט שטענדיג באַטראַכט ווי וועזענס, צו וועלכע ער קאָן ניט צוקומען.

נאָך אַזעלכע פרויען פלעגט ער געוועהנליך שטאַרק בענקען אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען זיין קערפּער האָט, ווי אַ העליש פייער, געברענט פון תאוה; ווי אַ קינד האָט ער געטרוימט, אַז ער קומט אַריין אין פאַר'כשופ'טע שלעסער, וואו עס געפינען זיך שיינע און שלאַנקע פרויען, וועלכע וואַרטען אויף אים און צערטלען אים אַזוי שטאַרק.

איינמאָל, אין אָוועגד, ווען סטאַראָבינסקי האָט געשפּאַצירט ביים ברעג טייך, האָט ער מיט אַמאָל דערהערט אַ געשריי פון אַ פרוי. ניט ווייט פון אים האָט עפּער אַ שכור זיך צוגעטשעפּעט צו אַ יונגער מיידעל. דער דאָקטאָר־פילאָזאָף האָט זיך מיט כעס אַ לאָז געטאָן צום שכור. יענער האָט זיך דערשראָקען און איז אַוועק. די מיידעל האָט מיט דאַנקבאַרע בליקען אַ קוק געטאָן אויף סטאַראָבינסקי'ן און געזאָגט:

— איר זיינט אַזאַ גוטער. אַ דאַנק אייך!

ביי'ם עלעקטרישען לאַמטערן האָט ער זיך מיט איר אָפּגעשטעלט, און דאַן האָט ער דערזעהן, אַז זי איז זעהר אַ שיינע.

— ווי צויבערליך זי איז! — האָט סטאַראָבינסקי אַ קלער געטאָן, איינקוקענדיג זיך אין איר קיילעכדיגען, טונקעלען פּנים מיט דעם קליינינקען פּוכקען מיילכעל, וואָס האָט זיך ווי אַ פּורפּור־בלום גערויטעלט.

— אפשר ווילט איר מיט מיר אַריינגעהן אין אַ קאַפע? — האָט ער שעמעוודיג אַ פרעג געטאָן.

— און איר זיינט ניט אַזאַ שלעכטער ווי אַנדערע? — האָט די מיידעל לאַכענדיג געפרעגט, אָנשטעלענדיג אויף אים שאַרף די צוויי ליכטיגע שוואַרצע אויגען אירע מיט די לאַנגע געדיכטע וויעס.

איר שמייכעל איז געווען אַביסעל חייזעריגלעך, אָבער זעהר אָנגענעם און לאַשטשענד.

זיי זיינען ביידע אַוועק אין אַ קאַפע, און אויפ'ן וועג האָט די מיידעל געפּלוידערט, פּונקט ווי אַ פייגעלע פאַרטאָג; און דערביי האָט זי אים געהאַלטען אין איין אַריינקוקען אין די אויגען. אין צען מינוט צייט האָט זי אים אַלץ דערציילט וועגען זיך. אַלט איז זי זעכצען יאָר. איר פאָטער, אַן אָרימער איטאַליענער, איז גע'הרג'עט געוואָרען אין שלאַכט. איר מוטער געפינט זיך אין אַ סאַניטאַריום פון שווינדזיכטיגע. איר באָבע איז אַ בייזע, זי האָט זי אַרויסגעטריבען. איצט איז איר ניט גוט; שוין צוויי יאָר דינט זי איז אַ דינסט אין פרעמדע הייזער. אין איין רייכען הויז, וואו זי האָט געדינט, האָט דער בעל־הבית זי פאַרגוואַלטיגט; דערביי האָט ער איר מיט אַ שמאַטע דאָס מויל פאַרשטאָפּט, אַז זי זאָל ניט שרייען, און אויף מאָרגען האָט ער איר געקויפט אַ העלע, ראָזעווע קלייד און שיינע האַלבע שיכלעך מיט הויכע אָפּזאַצען. און מיט אַ שטיקעל צייט שפּעטער האָט ער זי אַרויסגעטריבען... זי האָט זיך דאַן איבער די גאַסען אַרומגעבלאָנקעט אַ נידערגעשלאָגענע, אַ פאַרוויינטע, איז צוגעגאַנגען עפּעס אַ יונגערמאַן, אַ מאָלער, און האָט זי גענומען צו זיך... אַ נאַקעטע האָט זי פאַר אים פּאָזירט. דער מאָלער איז געווען אַ גוטער מענש, אָבער ער איז אַוועקגעפאָרען ערגעץ ווייט אין אַן אַנדער לאַנד — און זי איז ווידער געבליבען איינע אַליין, עלענד. איצט איז זי שוין דאָ דריי טעג אין דער שטאָט און קיין געלט האָט זי ניט. נו, בלאָנקעט זי זיך גלאַט אַזוי אַרום איבער די גאַסען. דערציילענדיג דאָס, האָט די מיידעל געהאַלטען אין איין לאַכען, גלייך זי וואָלט דאָ איבערגעגעבען זעהר אַ קאָמישע און אָנגענעמע פּאַסירונג פון איר לעבען. און סטאַראָבינסקי איז געווען צוטומעלט און געדוכט האָט זיך אים, אַז פון מיידעלס צוויי שוואַרצע אויגען רייסען זיך ממש צו אים אין האַרצען אַריין עפּעס אַזעלכע וואַרימע שטראַלען פון גליק, און די גאַנצע וועלט ווערט אַ צויבערליכער וואונדערבאַרער גאָרטען.

אין יענער נאַכט האָבען די ווענט פון דעם אָרימען צימער, אין וועלכען דער דאָקטאָר־פילאָזאָף האָט געוואוינט, צום ערשטען מאָל געהערט עפּעס אַזעלכע מאָדנע, נייע ווערטער...

אויף דער ווייכער זאָפע איז געלעגען די האַלב־נאַקעטע שיינע מיידעל פּאַולינאַ. אירע הענט, די אַקסלען און די ברוסט זיינען געווען אַנטבלויזט, און די שפּורען פון הייסע קושען האָבען זיך נאָך אויף זיי גערויטעלט. דער מיידעלס אויגען האָבען זיך מיט אַ באַזונדער מין גלאַנץ איבערגעצויגען, פּונקט ווי אַ שטערן אין אַ וואַרימער זומער־נאַכט, און לאַכענדיג האָט זי געקוקט אויף סטאַראָבינסקי'ן, וועלכער איז ביי אירע פיס געלעגען און געפיהלט ווי די ליידענשאַפט נעמט ביי אים צו דעם פאַרשטאַנד.

און אין צווייטען צימער האָט די אַלטע בעל־הבית'טע געוואָרטשעט, געווען בייז און עטליכע מאָל דאָס זעלבע פאַר זיך איבערגע'חזר'ט:

— עך, הער סטאַראָבינסקי... הער סטאַראָבינסקי!..

אין דער פרי זיינען זיי ביידע אַרויס אין גאַס. פּאַולינאַ האָט דעם דאָקטאָר־פילאָזאָף פעסט געטוליעט צו זיך האַלטענדיג זיין אָרעם. און ווען די באַקאַנטע האָבען אים דערזעהן אין גאַס מיט אַזאַ שיינער מיידעל, זיינען זיי געבליבען שטעהן איבערראַשט.

— נו, אונזער פילאָזאָף איז שוין קאַפּוט! — האָט זיך אָנגערופען איינער.

— אָבער וואו האָט ער געפּאַקט אַזאַ שיינינקע? — האָט זיך געוואונדערט אַ צווייטער. — חיינט נעה ווייס!..

די נייעס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער סאָלאָניע, און אַלע האָבען שוין געהאַט פון וואָס צו רעדען.

אָבער סטאַראָבינסקי'ס גליק האָט לאַנג ניט געדויערט.

דעם זעלבען טאָג איז פּאַולינאַ אַוועק, זאָגענדיג אַז זי געהט זוכען אַרבייט — און מער איז זי ניט געקומען.

איבער אַלע גאַסען איז ער געגאַנגען זוכען. עטליכע מאָל האָט ער זיך געדרייט אַרום דעם וואָקזאַל, וואו די גאַסען־מיידלעך שפּאַצירען; יעדעס מאָל, ווי ער האָט נאָר פון דערווייטענס דערזעהן אַ פרויען־פיגור, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי פּאַולינאַ'ס, האָט ער זיך געלאָזט געהן שנעל — אָבער זי האָט ער אַלץ ניט געפונען.

האָבען זיך אָנגעהויבען אונדערטרעגליך־שווערע, שלאָפלאָזע נעכט. פאַר די אויגען האָט אים אַלץ געשוועבט דאָס געשטאַלט פון דער קליינער פּאַולינאַ, וועלכע איז געווען די ערשטע וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזוי פיל פאַרגעניגען... ער האָט אַלץ ניט געקאָנט פאַרגעסען יענע נאַכט, ווען זי איז אַ האַלב־נאַקעטע געלעגען אויף דער ווייכער זאָפע און פון איר יונגען קערפּער האָט זיך געטראָגען אַזאַ פאַר'שכור'ענדער אַראָמאַט, אַז די נשמה איז אויסגעגאַנגען פון זיסע ליידען און ווי...

אַזוי זיינען אַוועק טעג און טעג. פון סטאַראָבינסקי'ן איז אַ שרעקליכער תל געוואָרען, און ער האָט אָנגעהויבען צו געהן נאָך מער איינגעבויגען. און ווען באַקאַנטע האָבען אים געפרעגט

וואו ס'איז אהינגעקומען די מיידעל, מיט וועלכער ער האט דאן געשפאצירט, האט ער פארביסען די ליפען און איז אוועק, נים ענטפערנדיג א ווארט.

ביז עס איז ענדליך געקומען א פרימארגען, און די אלטע בעל־הבית'טע האט אים דערלאנגט א בריף.

שנעל און אומגעדולדיג האט ער דעם בריף געעפענט. דאס איז געווען א בריף פון פאולינא'ן. זי האט געשריבען:

„ליבער חבר:—

„מעג איך זיך ערלויבען אייך אנצושרייבען א פאר ווער־טער? איר דענקט אודאי, אז איך האב אייך אינגאנצען פאר־געסען. אבער דאס איז נים אזוי. ווען איך בין פון אייך אוועק, האב איך דעם זעלבען טאג געפונען א שטעל, אבער מער ווי עט־ליכע טעג האב איך נים געארבייט. איך האב זיך פארקילט, גע־ווארען ערנסט קראנק און מען האט מיך געמוזט צונעמען אין האספיטאל. דעריבער האב איך צו אייך נים געקאנט קומען. איך האף, אז איר האט נים פארגעסען די קליינע פאולינא. קומט צו מיר. אויב אימיצער וועט אייך פרעגען פון וואנען איר קענט מיך, זאלט איר זאגען, אז מיר פלעגען עסען אין איין פענסיאן. איך האף אז איצט וועלען זיך אייערע געדאנקען אריבערטראגען אין דעם האספיטאל, וואו די קליינע פאולינא וועט זיך אזוי דערפרייען איבער אייך.”

אן אומרוהיגער האט זיך סטאראבינסקי געגומען ארומ־דרייען איבער'ן צימער הין און צוריק.

שפעטער האט ער געקויפט מאראנצען, טייטלען און אויך א בוקעט בלומען, און איז אוועק אין שפיטאל.

די טיר פון דער פאלאטע, וואו פאולינא איז געלעגען, איז געווען אפען, און אזוי שנעל ווי סטאראבינסקי איז נאר אריין, האט ער זי גלייך דערזעהן.

א פריידענס־געשריי האט זיך פון איר הארצען ארויסגע־ריסען, און ער איז, מיט א קלאפענדען הארץ, צוגעגאנגען צו איר. ליגענדיג א קראנקע אין בעט, האט זי אויסגעקוקט נאך שענער; אירע שווארצע האר האבען זיך ווי שלאנגען געשפרייט איבער'ן ווייסען קישען, און דער אויסדרוק פון איר בלאסען פנים איז געווען אזא שטילער, אזא אונטערטעניגער.

— גוט מארגען, פאולינא! — האט סטאראבינסקי געזאגט, דערלאנגענדיג דער מיידעל דעם בוקעט בלומען. — וואס מאכט איר?

ער האט געוואלט א שמייכעל מאן, אבער דאס פנים האט זיך ביי אים פארקרימט ווי פון א שטארקען ווייטאג.

ארום און ארום האט זיך געהערט א שטיל שעפטשען. אין דער לופט האט זיך געטראגען דער שארפען און שווערער גערוך פון רעצעפטען, און א נאגענדע בענקעניש וואס דערמאנט אן טויט האט זיך מיט א מורא'דיגער שווערינקייט אויפ'ן הארצען געלעגט.

— וואס פאר א גוטער מענש איר זייט! — האט די מיידעל געזאגט. און זי האט גענומען רעדען וועגען זיך: — דא איז אזוי אומעטיג! ביינאכט קאן מען נים שלאפען, און ווי אויף צו לחכעים זיינען די נעכט אזעלכע לאנגע, אז ס'איז א שרעק. ארום און ארום האלט מען אין איין קרעכצען; מענשען וויינען, און עס נעהט נים אוועק דער טאג, א מענש זאל דא נישט שטארבען . . . נעכטען איז דא געשטארבען א יונגע מיידעל. מיט אזעלכע צוויי שיינע בלאנדע צעפ . . . איר טוט וויי דער האלז, און אלע מאל דוכט זיך איר אוים, אז אט־אט געהט איר אוים דער אטעם. און פארוואס חלומ'ען זיך איר אלץ אזעלכע שרעקליכע חלומות? יעדע נאכט קומט צו איר די געשטארבענ[ע] באבע צו חלום, שטעלט איר ארויס א לאנגע צונג און מאכט עפע[ס] אזעלכע משונה'דיגע העויות, פונקט ווי א בייזע מכשפה אי[ן] וואלד . . . און אונטער'ן פענסטער וויינט אימיצער יעדע נאכט, בעט זיך אזוי רחמנות'דיג און דראפעט די שויבען . .

— און ווען דער פרימארגען קומט אן, ווערט מיר גרינגער אויפ'ן הארצען, — האט זי מיט א זיפץ א זאג געטאן. — או[ן] איר זיינט אזא גוטער וואס איר זיינט געקומען! . . . איצטער בין איך קראנק, אבער ווען איך וועל געזונט ווערען, וועל אי[ך] קומען צוריק צו אייך און מיר וועלען וואוינען צוזאמען . . איר ווייסט, איך קאן זעהר גוט קאכען.

דריי מאל אין טאג איז סטאראבינסקי געקומען אין האס[־]פיטאל זעהן די קליינע פאולינא, און יעדעס מאל האט ער אי[ר] אן אנדער מתנה געבראכט. די לעצטע גראשענס פון זיינ[ע] קליינע פארדינסטען האט ער אויסגעגעבען און אלץ געקלערט הלוואי זאל זי שוין וואס גיכער געזונט ווערען!

אבער פאולינא איז וואס א טאג געווארען אלץ ערגער או[ן] ערגער. און דא איז נאך געקומען דער הייסער זומער; א קראנק[־]הייט, פון וועלכער מענשען זיינען געפאלען ווי פעלד־בלומען האט זיך איבער דער שטאט פארשפרייט. איבער די גאסען האט מען אלע מאל געזעהן לויות, און ארום און ארום האבע[ן] זיך די צווייגען פון די ביימער געבויגען אונטער דער שווערע[ר] מאסע פון פרוכטען, אויף די פעלדער האבען זיך די קארן־זאנגע[ן] געלאזט וויגען פונ'ם ווינט און דאס גראז האט מיט גרינקיי[ט] דאס אויך פארכאפט.

אין אזא טאג איז סטאראבינסקי איינמאל געקומען אי[ן] האספיטאל און פאולינא'ן שוין מער דארט נים געפונען . . . די בארמהערציגע שוועסטער האט אים שטיל געזאגט, אז דא[ס] מיידעל איז געשטארבען ביינאכט.

ביי סטאראבינסקי'ן האט די אונטערשטע ליפ א ציטע[ר] געטאן און ער האט דערפיהלט ווי אין מוח האט זיך אים עפע[ס] אפגעריסען. ער האט זיך צוגערוקט צו דער וואנט, כדי ע[ר] זאל נים אומפאלען. דערנאך האט ער זיך שטיל ווי א שאט[ען] ארויסגערוקט פון האספיטאל . . .

* * *

נאך פאולינא'ס ארון איז נאכגעגאנגען בלויז איין מענ[ש]. דאס איז געווען דער דאקטאר־פילאזאף סטאראבינסקי. אנג[ע]טאן איז ער געווען אין זיינע בעסטע קליידער און אויפ'ן ארבע[ל] פון זיין גרויען רעקעל איז געווען אנגענייט א שווארצער באנ[ד].

די פארביינעהענדע שווייצארער האבען אראפגענומען [די] הוטלען, און באגלייטענדיג דעם ארון מיט די בליקען, האבען [זיי] שטיל איינער צום אנדערן געזאגט:

— דאס איז א רוסישער! . . .

---

# ס'איז שטיל געווארען

**(סאניטאריום פעליעטאן)**

**פון נפתלי**

צום קאנוועגשאן איז נאך אפילו ווייט, גאנצע דריי חדשים, אבער אין מיינע אויערן קלינגט שוין באצייטענס דער רעפארט פון דער סא־ניטאריום קאמיטע. . . .

פאר מיינע אויגען שוועבט שוין דאס בילד ווי דער „באריכט־ערשטאטער” פון דער סאניטאריום קאמיטע שטעהט אויף דער קאנ־ווענשאן־פלאטפארמע מיט אן אנגעצויגענער שטאלצער מינע אויפ'ן פנים און מיט וואס פאר א גדלות ער העקט דאס אריין דעם באמבאס־טישען פסוק: אז דער יאהר 1920, אונטער זייער אדמיניסטראציע, וועט אין דער געשיכטע פון סאניטאריום מוזען פארשריבען ווערען מיט גאל־דענע אותיות אלס דער שטילסטער און רוהיגסטער יאהר. און די דעלע־גאטען זיצען מיט אפענע מיילער און ארויסגעשטארטע אויגען און גלויבען נים זייערע אייגענע אויערן. . . . סטיימס, וואו און ווען איז דאס געהערט געווארען, אז ס'זאל אפלויפען א גאנץ קיילעכדיג יאהר און אין סאניטאריום זאל גאר נים „פאסירען”? . . .

צוויי יאהר בערך זיינען סאניטאריום קאמיטעס געשטאנען פאר דעם קאנוועגשאן טריבונאל מיט קלאפענדיגע הערצער, ס'האט זיי געטרי[־]סעלט א צאן מיט א צאן און האבען פשוט „געפאכעט מיט די נשמות” ווען זיי איז אויסגעקומען פאנאנדערצוגלידערן און דערציילען וועג[ען] אלע שיינע און פיקאנטע מעשות, וואס האבען זיך אין אונזער סאנ[י]טאריום אפגעשפילט. . . .

און וואס צו דערציילען האט ברוך השם קיינמאל נים געפעלט. . האט זיך עס נים געהאנדעלט וועגען א דאקטאר, וועלכער הא[ט] נים געקאנט „שטימען” נים מיט דער קאמיטע און נים מיט די פ[א־]ציענטען, ווייל ער האט פשוט נים געקאנט פארשטעהן א קראנק . . האט זיך אונטערגערוקט א מעשה מיט א האספיטאל, וואס די קאמי[טע] האט געלאזט בויען און די פאציענטען האבען דוקא נים געלע[ט] בויען. . . .

האט זיך עס נים געהאנדעלט וועגען דעם טומעל, וואס עטלי[כע] אנגעשטעלטע האבען געמאכט, פאדערנדיג זייערע „רעכטע”, בעת עצם־פאדערונגען זיינען גאר געווען „לינקע” . . . האט זיך געל[...] אזוי פון דער העלער הוים, פשוט „ספאנטאן”, צופלאקערט דער ב[...] רימט־געווארענער הונגער־סטרייק, וועלכער איז פון עטליכע פאציענט[ען] אזוי קונציג ארגאניזירט געווארען, אז ער האט אנגעהאלטען אז לאנג ביז — דער עולם איז הונגעריג געווארען. . . .

האט זיך עס נים געהאנדעלט וועגען — נאר וועגען וואס ה[...] זיך דארט נים געהאנדעלט? . . . איז אויבעט עפעס נים געפעלען [...] ווערען דעם דאקטאר'ס נאז, וואס זעט פון מען? שרייבט מען א בר[...]

# די סיבירער אידישע קולטור ליג „צוקונפט"

פון ס. איווענסקי

די גוואַלדיגע קולטורעלע אויפלעבונג פון די אידישע מאַסען אין רוסלאַנד האָט אויך פאַרכאַפּט די פאַרוואָרפענע אידישע באַפעלקערונג אין ווייטען סיביר און בכלל אין ווייטען מזרח. ווי וואַנדערבאַר עס זאָל ניט קלינגען, מוז דאָך אָט דער פאַקט קאָנסטאַטירט ווערען, דאָס דוקא אין די שווערע, ביטערע צייטען פון דער וועלט־מלחמה און פון דער אומגעהייערער רוסישער סאָציאַלער איבערקערעניש איז די אידישע קולטור־באַוועגונג אין מאַנכע באַציהונגען זיך שטאַרק צעוואַקסען' אין סיביר האָט די באַוועגונג געקריגען איר אימפּעט צוליב די נייע שטראָמען פון אימיגראַנטען אין דער צייט פון דער מלחמה, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אידישע אַרבייטער, קליינע סוחרים און אינטעליגענטען; אַ קולטורעלע אויפלעבונג אין נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישען זין האָט זיך שוין באַמערקט פון פריער צווישען די געבאָרענע „סיביריאַקעס" דורך דער ווירקונג פון ציוניסטען. ווי מאַנכע ציוניסטען דריקען זיך אויס, האָבען זיי מיטגעווירקט דאָס די „אברים המדולדלים", וועלכע האָבען זיך שוין כמעט אָפּגעריסען פון אידישען שטאַם, זאָלען צוריק ווערען איין אָרגאַנישער טייל פון זייער נאַציע.

די געבאָרענע אידען אין סיביר, „סיביריאַקעס", ווי זיי ווערען אָנגערופען, קאָן מען זעהר שווער אונטערשיידען פון די עכט־רוסישע באַפעלקערונג. זייערע באַנעמונגען, זייער אויסזעהן, און ענדליך זייער שפּראַך, זיינען פון ריכטיגע פּאַנעם (גרויס־רוסען), וועלכע קומען נאָך אויס אין סיביר געזינטער און קרעפטיגער ווי אין די עכט־רוסישע שטעט. דער אידישער סיביריאַק רעדט דעם ריכטיגען רוסיש מיט'ן פּזר געהט געקליידט מיט אַ פּעלץ און לאַנגע שטיוועל און קאָן אייך מכבד זיין מיט'ן ריכטיגען פּסוק . . . אָבער עס איז מערקווירדיג, דאָס טראָץ זיין לאַנג־יעריגער אָפּגעריסענהייט פון דער אידישער סביבה, פילט דער „סיביריאַק" אַ בענקעניש נאָך אידישקייט און מאַנכע מנהגים היט ער אָפּ מיט מער אייפער ווי היימישע אידען. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען די סצענע, וואָס איך האָב בייגעוואוינט אין אַ שטעטעל ניט ווייט פון משיטאַ, וואו אין איין אידישער הויז האָט מען אויף שבת געשטעלט טשאָלענט און געמאַכט קוגעל אויף חזיר־שמאַלץ . . . עס איז פאַרשטענדליך, אַז צווישען אַזעלכע עלעמענטען זיינען ציוניסטען געווען ערפאָלגרייך מיט זייער פּראָגראַם. „עברית או רוסית!" האָט אפילו געהאַט ערפאָלג מער מיט דער צווייטער העלפט . . . אָבער דערפאַר האָבען זיך אַנטוויקעלט צווישען די סיביריאַקעס פיל שאָוויניסטישע באַגריפען. די קולטורעלע אידישע באַוועגונג אין דעמאָקראַטישען זין האָט זיך אָנגעפאַנגען ערשט אין דער צייט פון דער מלחמה, ווען אין סיביר זיינען אָנגעלאָפען פליכטלינגע פון די ברייטע אידישע מאַסען.

דער אמת מוז דאָך צוגעגעבען ווערען, אַז די ציוניסטען האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פון אידישער קולטור אין סיביר; זיי האָבען געשאַפען פיל פאַראיינען „אימלדג"ס" (ראשי תיבות פון אידישע מוזיקאַלישע דראַמאַטישע גרופען); זיי האָבען אויך פיל געטאָן צו פאַראייניגען די סיבירער אידען אויפ'ן פּאָליטישען געביט אונטער די גרופירונגען פון נאַציאָנאַלע ראַטען. אָבער די צרה מיט די ציוניסטען איז, וואָס זיי ווילען זיך פאַרשפּאַרען אין ענגען קרייז פון העבראַאיזם און פאַרזעהן די גוואַלדיגע אוצרות פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק. עס איז פאַרשטענדליך, אַז ווען די דעמאָקראַטישע באַוועגונג פאַר קולטור, וועלכע האָט זיך שפּעטער אויסגעגאָסען אין דער סיבירער אידישער קולטור־ליג, האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז דער ערשטער שריט געווען אַן אונרערבאַרטליכער קאַמף נעגען העבראַיזם, און דאָס מוז צוגעגעבען ווערען, אַז אין אָט דער באַציהונג האָבען די רעדעלפירער פון ליג אַ סך איבערגעוואַלצט.

די באַוועגונג פאַר אידיש האָט זיך אָנגעפאַנגען אין כאַרבין, מאַנדזשוריע. אַ אידישע באַפעלקערונג פון רוסלאַנד געפינט זיך אין כאַרבין שוין פון לאַנג. ניט זייענדיג אין דער פּראַגע פון

---

וועל צום ברענטש, און אין „פריינד" איז שוין דאָ אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע מיט אַ „פּוט־נאָוט" אַלס צוגאָב. . . .

געפינט עמיצער אין דער זופּ אַ לאָקש, וואָס איז פון דער קעכין ניט געמאַכט געוואָרען לויט אַלע סאַניטאַרע כללים, ווערט דערפון אַזאַ טומעל, אַז אויף מאָרגען רופט שוין ערגעץ אַ ברענטש אַ קאָנפערענץ, און די סאַניטאַריום קאָמיטע מוז געבען פאַרען אָפּגעבען דין וחשבון.

און עס פאָרען די קאָמיטעס פון איין קאָנפערענץ צום אַנדערן; פון פילאַדעלפיאַ ביז בראָנזוויל, פון פּעטערסאָן ביז דעטראָיט, און וואו ניט? עס פליהען טעלעגראַמען, בריף, אַרגומענטען, און שיער ניט קיין פּעטש, ביז, ביז דער סאַניטאַריום קאָמיטע געלונגט ענדליך צו באַווייזען מיט דאָקומענטען, אַז יענעם טאָג האָט מען גאָר אין גאַנצען קיין לאָקשען ניט געקאָכט. . . .

ס'זאָל זיך קאָנען אַלץ אַנדערציילען איז עס אַ מעשה פון „טויזענד און איין נאַכט", און ווער איז עס גלאַט בכח אַלעס צו געדענקען? . . .

שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך. פרעגט בעסער ביי די „געוועזענע" סאַניטאַריום קאָמיטעס, זיי וועלען אייך אַלעס דערציילען. גיט אַ כאַפּ אירגענד וועמען, וואָס ער האָט נאָר געהאַט דאָס „גליק, עהרע און פאַרגעניגען" צו פאַרוואַלטען דעם סאַניטאַריום, גיט אים אַ גוטען שאָקעל, און איר טרייסעלט פון אים אַרויס אַ גאַנצען קאַפּיטעל „סאַניטאַריום געשיכטע". . . .

דור הולך ודור בא, איין קאָמיטע איז אַרויס, די אַנדערע — אַריין, און אַלע האָבען זיך זייערע ביינער פאַרשאָלטען פאַרוואָס דער רוח האָט זיי אַנגעטראָגען צו ווערען פאַרוואַלטער פון סאַניטאַריום. . . .

ס'האָט זיי קיינעם קיין צרות ניט געפעהלט, אפילו די קאָמיטע, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק אין מיטען טערמין צו רעזיגנירען, האָט אויך קיין חאַניג ניט געלעקט. . . .

וועט איר דאָך מסתמא פרעגען: ווי קומט דאָס, וואָס די איצטיגע סאַניטאַריום קאָמיטע האָט דאָס אַזאַ „טריפה'נעם מזל" און ביי זיי איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרען?

אין דער תירוץ: אַז זיי זיינען אין דעם יעצטיגען „שטיל־צושטאַנד" פּונקט אַזוי שולדיג, ווי די „געוועזענע" זיינען שולדיג געווען אין די „קריגס־צושטאַנדען". גאָר ניט, ס'האָט דאָך אַמאָל געמוזט שטיל ווערען! נו איז אויף דער איצטיגער סאַניטאַריום קאָמיטע גראָד אויסגעפאַלען דער גורל, אַז זיי זאָלען קריגען דעם נאָבעל־פּרייז פאַר שלום. . . .

און שטיל ווערען האָט דאָך געמוזט. ווייל מיר האָבען אַן אַנגענומענעם כלל, אַז וויפיל מ'זאָל זיך ביי אונז ניט אַרומרייסען, ווי לאַנג מ'זאָל זיך ביי אונז ניט אַרומקריגען, מוז פאָרט אַמאָל שטיל ווערען. מער ניט, אַז מ'האָט זיך געקריגט און געהאַמפּערט וועגען פראַגען וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו אונזערע פעסט־באַזירטע און שטאַרק־באַפעסטיגטע אינסטיטוציעס, האָט אַזאַ מלחמה ניט געקאָנט לאַנג אָנהאַלטען. אָבער ווען ס'איז געקומען צו אַזאַ שוואַכער און קראַנקער אינסטיטוציע ווי דער סאַניטאַריום, וואָס האַלט זיך פּשוט אויף דער לופט . . . וואו פון אַ ליאַדע ווינטעל קאָן ווערען אַ גרויסע „זאַווערוכע", האָט עס ממילא געמוזט נעמען אַביסעלע לענגער. . . .

אַז ס'האָט געדויערט צען יאָר, איז מה רעש? וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבען צען יאָר אין אַזאַ גרויסער אייביגקייט? און ספּעציעל ביי אַזאַ גרויסער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרמאָגט אַזוי פיל געדולד און אויסדויערקראַפט, אַז אפילו פון טויזענט מאָל גרעסערע שטורעמס און מלחמות קומט זי אַלץ אַרויס מיט גאַנצע ביינער. . . .

יאָ, יאָ רבותי, געדולד איז אַ גרויסע מעלה, אַ גוטע זאַך. דעריבער האָט זשע טאַקע געדולד און וואַרט ביז צו דער קאָנווענשאָן. פרוים זיט נאָך ניט. ביז צו דער קאָנווענשאָן איז נאָך ווייט, און אַל תפתח פה לשטן, עס קאָן נאָך עפּעס „פּאַסירען"!

מיר האָבען שוין געזעהן ווי פּונקט אַ שעה פאַר ליכט־בענשען קאָן זיך עפּעס „מאַכען" אַזוינס, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל מוזען איבערדרייען דעם דישעל אַראָפּ און אונז מזכה זיין מיט אַ גאַנץ אַנדערן פּסוק, און אפשר נאָך מיט עברי־טייטש . . . . אַ קשיא אויף אַ מעשה! נאָר הלואי זאָל איך בעסער ליגען זאָגען!

דעריבער זאָג איך, אַז איר מעגט אַביסעלע אָפּוואַרטען. ס'וועט טאַקע זיין אַזוי ווי מיר האָבען זיך אין אונזערע רעיונות פאָרגעשטעלט, דעמאָלט וועט איר זיך מעגען משמח זיין און געהן אַ טענצעל אויך.

אָבער דערווייל האָט געדולד!

וואינרעכט אונטערוואַרפען די רוסישע געזעצען, האָט זי צוגעצויגען צו זיך פיל אידען פון אַלע רוסישע געגענדען און די שטאָט איז געוואַקסען פיל צוליב אידישער אייוואַנדערונג. כאַרבין, זייענדיג אַ שטאָט פון די גרעניצען, האָט געהאַט פיל קלובען, וואו מען פלעגט שפּילען קאָרטען און לאָטאָ אויף וואָס די וועלט שטעהט. עס איז אויך באַשאַפען געוואָרען אַ אידישער קלוב, וואו קאָרטען זיינען געווען די הויפּטזאַך, אָבער ווי עס פּאַסט זיך פאַר אידען, האָט מען אויך פון צייט צו צייט געגעבען לעקטורס. די אומגאַנגס־שפּראַך אָבער איז געווען רוסיש. מאַנכע האָבען זיך אַפילו צעבראָכען די ציינער ריידענדיג רוסיש, אָבער אַז מען מוז, מוז מען; ווי איבערראַשט זיינען אָבער פיל כאַרבינצעס געוואָרען, ווען איינמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג איז אַרויסגעטראָטען איינער אַן עזות פנים און האָט גערעדט אידיש, פּראָסט מאַמע־לשון. מאַנכע האָבען זיך אַזש מחיה געווען, עס האָט זיך פאַנאַנדערגעבונדען דער צונג, אָבער פילע האָט עס פאַרדראָסען. מען האָט גערעדט פון אַנטיסעמיטיזם, פּאָגראָמען א. ר. ג. איך מוז אָבער זאָגען, אַז אידיש האָט ענדליך מנצח געווען. מען הערט שוין אויך רעדען אידיש אין דעם אַריסטאָקראַטישען קאָמערטשעסקי קלוב . . . פון דעם אַרויסטרעטען פון יענעם „סמעלטשאַק“ האָבען זיך אידישיסטען, וועלכע זיינען געווען ניט ווייניג אין כאַרבין, צוזאַמענגענומען און האָבען געשאַפען אידישע צענטרען.

פון אָנפאַנג האָבען די אידישיסטען געוואָלט פאַרכאַפּען שוין פאַרטיגע אַפּאַראַטען. אַריינטרעטענדיג אין גרויסע צאָלען אין „אמלד“ג“ האָבען זיי פאַרוואַנדעלט דעם אידישען קלוב אין אַ ריכטיגען אידישען אַנשטאַלט. מען פלעגט שטעלען אידישע פּיעסען (צוליב דער מלחמה זיינען אָנגעקומען אין כאַרבין אידישע באַגאַבטע אַרטיסטען); מען פלעגט פאַראַנשטאַלטען דעבאַטען איבער די שטורעמדיגע צייט־פראַגען אין אידיש א. אַ. וו. מען האָט זיך אָבער אָנגעשטויסען אָן אַ שטיין, וועלכער האָט פאַראורזאַכט דאָס די אידישיסטען זאָלען פאַרלאָזען דעם קלוב. דער קלוב איז טאַקע געוואָרען אידישיסטיש, אָבער קאָרטען און דאָס רעמאָראַליזירענדע שפּיל פון לאָטאָ זיינען געבליבען ווי פריער . . . די דאָזיגע אורזאַכען האָבען געצוואונגען די אידישיסטען צוצושטעהן צו אַ קליינער גרופּע פון דר. מוקדוני, וועלכער האָט אַזש געוואוינט אין אָמסק (אויב איך האָב ניט קיין טעות), און זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט אונטער דעם נאָמען פון סיבירער אידישע קולטור־ליג.

די קולטור־ליג אין סיביר איז נאָך אַ יונגע אָרגאַניזאַציע. אַ געוויסע פאַראייניגונג צווישען אַלע ווייטע פּונקטען פון סיביר האָט די קולטור־ליג געהאַט גראָד אין די רעאַקציאָנערע צייטען פון קאָלטשאַק. די טעטיגקייט פון דער ליג איז געווען שטאַרק אין אירקוטסק, וולאַדיוואָסטאָק, און האָט דערגרייכט אַזש ביז יעקאַטערינענבורג. אָבער, ווי באַוואוסט, איז סיביר, צוליב קאָלטשאַקס מפּלה, ווידער צושפּליטערט געוואָרען, ווייל די באָלשעוויקעס האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי ווערכני אודינסק און ווייטער זיינען געבליבען די סעמיאָנאָווצעס. כאַרבין האָט זיך בלויז געקאָנט צוזאַמענבינדען מיט וולאַדיוואָסטאָק, וואו עס איז דאָ אַ אידישע באַפעלקערונג, און מיט מאַנכע אַנדערע פּונקטען אויפ'ן ווייטען מזרח, וואו עס זיינען באַשאַפען געוואָרען אידישע צענטרען, ווי מוקדען אין כינאַ, און יאָקאָהאָמאַ, קיובאַ אין יאַפּאַן. אָבער ווי עס ווייזט אויס פון די נייע ידיעות, זיינען די סעמיאָנאָווצעס שוין אינגאַנצען צעשלאָגען געוואָרען. עס גרינדעט זיך אין מזרח־סיביר אַ בופער־שטאַט, וועלכער וועט שטעהן אין פריינדליכע באַציהונגען מיט דער סאָוויעטען־רעגירונג, און עס עפענט זיך אַ ווייט פעלד פאַר דער טעטיגקייט פון דער ליג.

די ליג, אונטער די שווערסטע אומשטענדען, האָט געטאָן פיל ניצליכע אַרבייט. זי האָט געעפענט לייברעריס אין אַ סך פּונקטען. עס ווערען אָרגאַניזירט לעקטורס, דיסקוסיעס אין אידיש איבער ליטעראַטור, טאָגעס־פראַגען, ביי זעהר פּראָמינענטע פּערזאָנען. דער ווייטער מזרח האָט פיל פאָרשטעהער פון דער אמת'ער אידישער אינטעליגענץ. לאַזאַר עפּשטיין, אַ באַוואוסטער טוער פון „בונד“, גיט זיך אָפּ מיט לייב און לעבען פאַר דער קולטור־ליג. עס נעמט אויך אין איר אַנטייל דער באַוואוסטער אַדוואָקאַט קראָל, באַוואוסט פון פּראָצעס פון האָטלער פּאָגראָם. דער אַפּטייקער סוירקעל־ליוושיטץ, אַ באַוואוסטער געלערנטער מאַרקסיסט, האַלט דאָרט אויך אָפט לעקטורס. צו די לעקטורס קומען הונדערטע פּערזאָנען, און די דיסקוסיעס זיינען זעהר לעבעדיג. דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ליג איז „נאַשע סלאָוואָ“ . . . זיי וואָלטען זעהר וועלען אַרויסגעבען זייער צייטונג אין אידיש, אָבער עס פעלען זיי די מיטלען. דער סעקרעטאַר פון ליג, ה' בירמאַן, טראָגט זיך אַרום מיט פיל פּלענער, ווען נאָר עס זאָל זיין מיט וואָס די הענט פאַנאַנדערצובינדען.

די ליג איז אומפּאַרטייאיש, אָבער בלויז מיטגלידער פון „בונד“, אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דער פאָלק־פּאַרטיי נעמען אַ טיכטיגען אַנטייל אין דער ליג. צוליב פאַרשידענע אורזאַכען שטעהען די פּועלי־ציון פון ווייטען און נעמען זאָגאַר אַ פיינדליכע שטעלונג. אויסער די פּאַרטיי־מענשען ציהט די ליג צו אידען פון אַ גאַנץ יאָר. באַזונדערס איז די ליג וויכטיג פאַר פיל אידישע געפאַנגענע, וועלכע האָבען זיך אָפּגעשטעלט וואוינען אויפ'ן ווייטען מזרח. די גאַנצע געשיכטע קלינגט ווי אַ אויסגעטראַכטע מעשה: אויפ'ן עק וועלט און אידען בילדען זיך לינגס פאַר זייער קולטור.

# געזוכט אַ גאָט...

פון ל. לעוויטט

אַרומגעבלאָנזשעט האָט ער אין די בערג,
דער צווייפלער, דער ענטוישטער, און געזוכט;
דער בליק פון זיינע האַלב־פאַרלאָשענע אויגען
געבלאָנזשעט האָט פון ווייטען האָריזאָנט
צום גרויען נעבעל און דעם טיפען טאָל,
אָדער צום בלויען הימעל איבער איהם,
און יעדען שטראַהל פון דער פאַרגעהענדער זון,
און יעדען וואָלקענדעל, מיט גאָלד באַזוימט,
מיט פאָרשענד־נייגעריגען בליק באַטראַכט,
אַזוי ווי זוכענדיג אַן ענטפער
אויף זיינע דרינגענדע און שווערע פראַגען;
האָט ער געזוכט דאָס ערדיש, מענשליך גליק:
די ליבע, רייכטום, וויסען, רוהם און פרידען?
אָדער דעם געטליכען געניוס פון קונסט?
האָט ער געזוכט פאַרגעסענהייט פון ליידען?
אָדער די פיבערהאַפטע וועלט פון לוסט?
אה, ניין! פון זיי איז אהער אַנטלאָפען!
דער עקעלהאַפטער, כריפלער קלאַנג פון גאָלד,
מיט אַ דערוואָרימטער, געפאַרבטער ליבע,
דער שנעל־פאַרגעהענדער און פאַלשער רוהם,
דער „וויסען“ וואָס דעם סוד האָט ניט ענטדעקט —
דעם סוד פון וועלט־אַל, פון נאַטור, פון לעבען...
די קונסט וואָס ניט אימשטאַנד איז צו מאָהלען
די טיפענישען פון דעם מענשענ'ס גייסט,
דער זיסער, קראַנקהאַפטער מאָמענט פון תאוה,
וואָס לאָזט נאָך זיך אַן עקעל און אַ פוסטקייט —
פון אַלעם דעם האָט ער געפיהלט אַן עקעל!
זיין שטרעבונג איז געווען פיל העכער, טיפער:
ער האָט געזוכט אַ גאָט!
ניין, ניט אַ גאָט וואָס פאָדערט לויב־געזאַנגען,
וואָס פאָדערט מצוות, תפילות און קרבנות,
וואָס שטראָפט, באַלוינט, באַגנאַדיגט, פלוכט און בענשט
און האָט דעם מענשענס מעלות און חסרונות
האָט ער געזוכט...
ער האָט געזוכט די אייביג ענדלאָזע,
אַלץ־דורכדרינגענדע און געהיימע מאַכט,
וואָס שפּיגעלט אָפּ אין יעדער גרעזעלע,
אין יעדען וואָלקענדעל, אין יעדער פליג,
איהרע אייביגע, אומטוישבאַרע געזעצען!
אָט די קראַפט האָט ער געזוכט אַנטפּלעקען
אין זיכטבאַרען געשטאַלט פאַר זיינע אויגען!
און הויך און מעכטיג האָט זיין קול געקלונגען
און האָט פאַרהילכט די בערג, דעם וואַלד, די טאָלען
ער האָט צו דער געהיימער קראַפט גערופען:
איז דאָ אַ ציל וואָס דו האָסט זיך געשטעלט?
איז דאָ אַ צוועק פאַר אַלעם אויף דער וועלט?
איז דאָ אַ גייסט וואָס איבער אַלץ רעגירט?
איז דאָ אַ חאָנט וואָס אָט דעם וועלט־אַל פיהרט?
און בלויז דער פּילפאַכער און ווייטער אָפּקלאַנג
פון זיינע ווערטער איז געווען דער ענטפער:
ער האָט געזוכט אַ גאָט...
און ניט געפונען...

# קאָאָפּעראַציע—א נאַטור געזעץ

פון אהרן סמאָלינסקי

די געשריבענע געשיכטע פון קאָאָפּעראַציע איז פאַרהעלטניסמעסיג נאָך זעהר א יונגע. אין דעם יאָר 1777 געפינען מיר צום ערשטען מאָל א געשריבענעם באריכט פון א געזעלשאַפט, וואָס איז ענליך צו א מאָדערנעם קאָאָפּעראַטיוו. אזוי לעזען מיר, צום ביישפּיל, אז אין בירמינגהאַם, ענגלאַנד, האָט זיך אין יענעם יאָר געעפענט א קאָאָפּעראַטיווער שניידער שאַפּ, און א פּאָר יאָר שפּעטער האָט זיך אין מאַנגוועל געעפענט די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע סטאָר. פאַר דעם אָבער איז די ניט־געשריבענע געשיכטע פון קאָאָפּעראַציע, דער געדאַנק פון געגענזייטיגער הארמאָנישער צוזאַמענאַרבייטונג, פּונקט אזוי אַלט ווי דער גאַנצער אוניווערז.

צווישען חיות געפינען מיר קאָאָפּעראַציע צוליב גאַנץ באַשטימטע און קלאָרע צוועקען. הערבערט ספּענסער זאָגט ערגעץ: „אזוי לאַנג ווי אַלע טיילען אין וועלכען־ניט־איז לעבעדיגען שטאָף זיינען גלייך, אזוי לאַנג ווי איין טיילכעל לעבט און וואַקסט אָן דער הילף פון צווייטען טיילכעל, האָבען מיר ניט קיין שום אָרגאַניזאַציע, און אזא שטאָף באַלאַנגט צו דער נידריגסטער שטופע פון לעבעדיגער מאַטעריע.“ אָבער אזא מין לעבעדיגער שטאָף קאָן ניט האָבען קיין לאַנגען קיום, ווייל ער איז שטענדיג אונטערגעוואָרפען אונטער אַלע צערשטערענדע קרעפטען פון זיין אומגעבונג. און אום כדי צו בלייבען לעבען הייבט זיך דיזעלביגע מאַטעריע אָן צו ענדערן, מער צוצופאַסען צו דער אומגעבונג, יעדעס טיילכעל קריגט א באַשטימטע פונקציע, און אַלע צוזאַמען בילדען א געוויסע אָרגאַניזאַציע, כדי געמיינשאַפטליך צו קעמפען געגען דעם אַלגעמיינעם שונא — די צערשטערענדע אומגעבונג. דאָס איז די ערשטע מאַניפעסטירונג פון קאָאָפּעראַציע אין דער איינפאַכסטער פאָרם פון לעבען — אין דער פּראָטאָפּלאַזם.

אָבער אין די העכער אַנטוויקעלטע לעבעדיגע ברואים ווערט דער געדאַנק פון געגענזייטיגער הילף, פון קאָאָפּעראַציע, נאָך מער בולט'ער. דאַרווין אַליין, וועלכער גלויבט אזוי שטאַרק אין זיין „סורווייוועל אוו דהי פיטטעסט“ גיט צו: „יענע גרופּען (חיה׳) וועלכע האָבען, צווישען זיך די גרעסטע צאָל סימפּאַטישע מיטגלידער, וועלען בלייבען לעבען און וועלען זיך אַם מערסטען פאַרשפּרייטען.“ עס איז ניטאָ קיין גרענעץ צו די צאָל ציטאַטען און באַווייזע, וואָס מען קאָן ברענגען, כדי צו איבערצייגען ווי שטאַרק דער קאָאָפּעראַטיווער געפיהל איז פאַרשפּרייט צווישען אַלע חיות. מוראַשקעס, בינען, פייגעל, וועלף, לייבען — אַלע חיות קאָאָפּערירען אויף א נאַטירליכען אופן.

פּאַבר, קראָפּאָטקין, דאַרווין, און ספּענסער — אַלע ברענגען הונדערטער באַווייזע, כדי צו דעמאָנסטרירען דעם דאָזיגען אמת. לאָמיר כאָטש דאָ ברענגען איין פאַקט.

אין דרום־אַמעריקע געפינט זיך א בוים, וואָס קאָן עקזיסטירען אָן מוראַשקעס, אָבער פונדעסטוועגען מאַכט דער בוים א נעסט פאַר זיי. די מוראַשקעס וואוינען אין דעם דאָזיגען בוים און קריגען פון אים א געוויסען זאַפט. אָבער די מוראַשקעס זיינען ניט קיין עגאָאיסטען און האַלטען שטאַרק פון געגענזייטיגער הילף, הגם זיי פאַרשטעהען אפשר ניט דעם זין דערפון. אָט ווי אזוי זיי באַצאָלען דעם בוים פאַר זיין נוטסקייט. ווי נאָר א מענש אָדער א חיה דערנענטערט זיך צום בוים און וויל אים אָנרירען, פאַרשוועכען די הייליגקייט פון זייער בעל־טובה, דאַן וואַרפט זיך די גאַנצע קאָלאָניע מוראַשקעס אויף אים אַרויף ביז זיי פאַריאָגען אים. אזוי אַרום היטען זיי אָפּ דעם בוים פון פאַרניכטונג. דאָס איז אַן איינפאַכער ביישפּיל פון קאָאָפּעראַציע צווישען חיות און פלאַנצען. קעסלער זאָגט: „אַלע מינים חיות, ספּעציעל די העכערע און מער אַנטוויקעלטע, פּראַקטיצירען געגענזייטיגע הילף.“ וואַנדערונגען פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען איז א ספּעציעל קאָאָפּעראַטיווע פונקציע. די קרעבס (שאָלעכץ־פישלעך) שטעלען אויס ספּעציעלע שומרים אין זייער פאַרמירונגס־סעזאָן, כדי צו באַשיצען די איינצעלנע פון זייער מין. בינען ציינען אַרויס א גרויסע סאָלידאַריטעט און געזעלשאַפטליכקייט. מוראַשקעס זיינען שוין פון לאַנג אָן באַקאַנט אַלס גוטע קאָאָפּעראַטאָרס (זאָל מיר דער מענש־קאָאָפּעראַטאָר מוחל זיין וואָס איך באַנוץ זיך מיט דעם דאָזיגען תּוֹיכען נאָמען צוליב אזעלכע נישטיגע חיה'לעך, וועלכע טוען אויף א גאַנץ אייגענאַרטיגען אופן, מיט דער גרעסטער מסירת הנפש, אַרוועטייזען געוויסע אַמעריקאַנער רעסטאָראַטען . . .)

אָדלערס, פּאַפּוגייען און געוויסע אַנדערע פייגעל פאַראייניגען זיך געגען יעגערס. אין די רוסישע סטעפּעס מאַכט קיינמאָל ניט אַן איינצעלנער וואָלף אַן אָנפאַל אויף א פערד, פּונקט ווי שאַקאַלען פאַלען זיי אָן אין גאַנצע סטאַדעס. וויווערסעס און אַנדערע חיות פירען א געוויסען פאַמיליען־לעבען.

איינער פון די הויפּט־אַרגומענטען פאַר קאָנקורענץ און קאַמף איז דער מאַלטוזיאַניזם, וועלכער שטיצט זיך אויף דער טעאָריע, דאָס די באַפעלקערונג וואַקסט פיל שנעלער (געאָמעטריש) ווי די נויטווענדיגע שפּייז־מיטלען. אָבער דאָס איז איינזייטיגע עקאָנאָמיקס. פון די עטליכע ביישפּילען, וואָס מיר האָבען ביז איצט געבראַכט, איז קלאָר צו זעהן, אז קאָאָפּעראַציע איז פּונקט אזא נאַטור־געזעץ, ווי געגענזייטיגער קאַמף. אַלע מינים חיות און פלאַנצען מוזען אָנקומען צו געגענזייטיגער הילף, צו דער צוזאַמענאַרבייטונג פון גאַנצע גרופּען פון דעם זעלבען מין. זעלבסטשטענדיגקייט, דאָס אַליין־פאַר־זיך זיין, האָט אין דער ביאָלאָגיע קיין פּלאַץ ניט. דאָס איז עלעמענטאַר. קאָאָפּעראַציע איז די איינציגע האָפנונג. מענשען האָבען דערגרייכט זייער איצטיגע אינטעלעקטועלע שטופע נאָר א דאַנק זייער קאָאָפּעראַטיווע אָנשטרענגונגען. זיי האָבען נאָך ניט דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווייל זייער קאָאָפּעראַציע איז נאָך ניט גאַנץ אַנטוויקעלט.

אָבער קאָאָפּעראַציע מאַניפעסטירט זיך ניט בלויז אין דער אָרגאַנישער וועלט, נאָר אויך אין דער אונאָרגאַנישער, אונבאַלעבטער וועלט. די אַסטראָנאָמישע וויסענשאַפט באַווייזט דאָס מיט אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטען. קאָאָפּעראַציע איז דער געזעץ אין אַלע הימלישע קערפּערס. פּראָפעסאָר פּאָרטאַ האָט געגלויבט, אז דעם 15טען דעצעמבער וועט אונזער וועלט אונטערגעהן — קאָאָפּעראַציע וועט אויפהערען. אָבער ער האָט געהאַט א טעות: יעדער הימלישער קערפּער האָט זיך טאַקע זיין אינדיווידועלע פּאָזיציע, זיין אינדיווידועלען גאַנג, אָבער די באַוועגונגען פון יעדען שטערן און פּלאַנעט זיינען אין פאַקט שטענדיגער האַרמאָניע מיט די איבעריגע שטערן און פּלאַנעטען. דאָס רעגעלמעסיגע אויפגעהן און אונטערגעהן פון אונזער זון איז אָפּהענגיג אָן די באַוועגונגען און פּאָזיציעס פון די איבעריגע פּלאַנעטען. צוזאַמענגעהאַלטען ביי אַן אונזעהבאַרער קראַפט איבט יעדער פּלאַנעט אויס אַן איינפלוס אויף זיין שכן פּלאַנעט, די ביידע אויף א דריטען, אזוי ביז דער אונענדליכקייט. אָן קאָאָפּעראַציע וואָלט די גאַנצע האַרמאָנישע וועלט־געביידע פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין איין רגע אין א כאַאָטישער מאַסע. דער גרויסער אַסטראָנאָם קעפּלער איז געקומען צו זיינע גאון'ישע נאַטור־געזעצען א דאַנק דער פּיטאַגאָרעאישער אידעע, אז די גאַנצע נאַטור איז איין מעכטיגע האַרמאָניע.

ספּענסער זאָגט אין זיין „סאָשעל סטאַטיקס“: „מענשען האָבען ניט עטאַבלירט באַוואוסטזיניג זייערע פּאָליטישע באַציהונגען, נאָר זיינען אין זיי אומבאַוואוסטזיניג אַריינגעוואַקסען געוואָרען.“ צווישען די סאָציאָלאָגען איז פאַראַן א מיינונגס־פאַרשידענהייט איבער דער אַרט און ווייזע ווי אזוי דער ווילדער אור־מענש האָט געלעבט. האָבס, האַקסלי און דאַרווין זיינען מיט דער מיינונג, אז דער אור־מענש איז געווען א פּשוט'ע קעמפענדע בריאה. דער געזעץ איז געווען: איינער געגען אַלע. אַנדערע ווידער דענקען, אז זאָגאַר ביים ווילדען אור־מענש האָבען שוין עקזיסטירט געוויסע געגענזייטיגע באַציהונגען.

---

*) איך באַנוץ זיך דאָ מיט די ציטאַטען פון בען ר. גיבס פּרייזעמעי.

זאָגאר דער מענשליכער קערפּער אַליין וואָלט נעװען ווייט אונפאָלקאָמען, וויבאלד אַלע זיינע טיילען וואָלטען ניט געארבייט אין פאָלשטענדיגער האַרמאָניע, ווען איין גליד וואָלט ניט ארויסגעהאָלפען דעם צווייטען. עס איז אַ פאַקט, דאָס ווען די מאָטאָר־צענטערס פון די געהירן ווערען צוליב וועלכער־ניט־איז אורזאַך געשעדיגט, דאַן ווערען די גלידער פון גאַנצען קערפּער אַמראָפירט. די געהירן איז אַ קאָאָפּעראַטיווע פונקציע; יעדע קערפּערליכע באַוועגונג ווערט פון איר רעגולירט. די ווייסע בלוט־קייקעלעך וואַקסען און געדייען אין אונזער בלוט, פאַר דעם פאַרניכטען זיי אַלע אומגעווינשטע מיקראָבען, וועלכע כאַפּען זיך דאָרטען אריין. אונזער געזונד איז אָפּהענגיג אָן די האַרמאָנישער און רעגעלמעסיגער צוזאַמענאַרבייטונג פון אַלע אונזערע גלידער. יעדער אָרגאַן האָט זיך זיין באַזונדערע פונקציע און אַלע צוזאַמען בילדען דעם וואונדערבאַרען מאַשין־מענש.

די גאַנצע וויסענשאַפט איז פול מיט דער אוניווערזאַלער געזעץ־קאָאָפּעראַציע. לאָמיר דאָ נאָך ברענגען עטליכע קליינע ביישפּילען.

די ערד העלפט די פּלאַנץ, וועלכע העלפט דעם אינזעקט, וועלכער העלפט דעם פויגעל, וועלכער העלפט די העכסטע חיה — דעם מענש. מאָך וואַקסט קיינמאָל ניט אַליין, נאָר אין גאַנצע קאָלאָניעס, און זייערע קליינטשיקע וואָרצלען פאָרמירען אַ גאַנצע נעץ־ווערק, וועלכע נעמען אין זיך אריין קליינע שטיינדלעך. און פון די דאָזיגע קליינע שטיינדלעך קלייבט זיך מיט דער צייט אָן אַ ווייכע ערד אויף דעם נאַקעטען גראַניט, וואו גרעסערע פּלאַנצען האָבען שוין אַ מעגליכקייט צו וואַקסען. אַזוי זעהען מיר ווי די קליינטשיקע מאָך־פּלאַנץ באַאַרבייט אַ פעלד פאַר די מער אַנטוויקעלטע פּלאַנצען.

איין מין פּלאַנץ טוט שטענדיג פאַרברייטען אַ פעלד פאַר אַ צווייטען מין. אַזוי, למשל, קאָן מען באַמערקען פּלאַנצען־קאָאָפּעראַציע אין אַ קליין שטעהענדיג טייכעל. אין אָנפאַנג קאָן מען באַמערקען ווי געוויסע פּלאַנצען וואַקסען אונטער'ן וואַסער. מיט דער צייט קאָן מען שוין זעהן ווי געוויסע פּלאַנצען הייבען שוין אָן ארויסצוקומען אויף דער אויבערפלעך, הויפּטזעכליך ארום די ברעגען, און פאַרשפּרייטען זייערע וואָרצלען אין אַלע זייטען. די וואָרצלען פאַרמערען זיך און בילדען אַ מין נעץ, אויף וועלכער עס וואַקסט מיט דער צייט אויס אַן אַנדער מין פּלאַנץ, וואָס קאָן אין וואַסער ניט וואַקסען. גאַנץ אָפט טרעפט, ווי אונטער־וואַסער פּלאַנצען באַדעקען דאָס גאַנצע טייכעל, כדי צו געבען אַ מעגליכקייט, אַז אַנדערע פּלאַנצען זאָלען קאָנען אויף זיי אויסוואַקסען.

די פּלאַנצען שטאַרבען מיט דער צייט, פאַלען אויף דער ערד, און זייערע פאַרפוילטע טיילען ניבען פאַקטיש צוריק צו דער ערד אַלע שטאָפען, וועלכע זיי האָבען פון דער ערד גענומען. די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיווע אַרבייט טוט די באַקטעריע, אַ קליין מיקראָסקאָפּיש חיה'לע, וועלכע טוט כעמיש רעדוצירען די פּלאַנצען צו זייער אינאָרגאַנישער באַשטאַנדטיילען־קוילענשטאָף, וואַסערשטאָף, זויערשטאָף, פאַרשידענע זאַלצען, פּאָספאָר א. אַ. וו. מיט דער צייט ווערט פון די דאָזיגע שטאָפען ווידער באַשאַפען נייע פּלאַנצען, וועלכע שפּייזען די חיות און מענשען. אָבער די באַקטעריע דינט ניט בלויז אַלס דער „אוניווערזאַלער מיסט־ראַמער, נאָר זי שפּילט אויך אַ זעהר באַדייטענדע קאָנסטרוקטיווע ראָלע אין דער פּלאַנצען־וועלט, פון וועלכער אונזער גאַנצער עקזיסטענץ איז איינגענטליך אָפּהענגיג. די פּלאַנץ נייטיגט זיך אין ניטראָדזשען, וועלכער איז דער הויפּט־באַשטאַנדטייל פון יעדער לעבעדיגער מאַטעריע, וואָס די וויסענשאַפט רופט פּראָטאָפּלאַזם. אָבער ווי וואונדערבאַר דער מעכאַניזם פון דער פּלאַנץ זאָל אויך ניט זיין, האָט זי פונדעסטוועגען קיין שום מעגליכקייטען ניט צו קריגען דעם דאָזיגען גאַז פריי פון דער לופט, הגם ער געפינט זיך איבעראַל זעהר רייך פאַרשפּרייט. דאָ קומט די באַקטעריע צו הילף דער פּלאַנץ און פאַרוואַנדעלט אַמאָניא אין פאַרשידענע ניטריט־זאַלצען. די פּלאַנץ ווידער ניט דער באַקטעריע די נייטינע שפּייז, אין וועלכער זי נייטיגט זיך פאַר איר עקזיסטענץ.

נאָך אַ בולט'ער ביישפּיל פון קאָאָפּעראַציע צווישען פּלאַנצען איז „סימבייאָזיס", וואָס מיינט „לעבען צוזאַמען". צוויי פּלאַנצען לעבען צוזאַמען, קאָאָפּעראַטיוו, העלפענדיג איינע די צווייטע אין איר עקזיסטענץ: דער שטיין־מאָך (ליקען) איז אין דער ווירקליכקייט אַ קאָלאָניע, וואָס באַשטעהט פון צוויי באַזונדערע מינים. די הויפּט־מאַסע באַשטעהט פון אַ פּאָנגוס (אַ שוואוים), אַ מין פּלאַנץ וואָס קאָן נאָר וואַקסען ווען זי קרינט די נייטיגע מאָס קוילענשטאָף אין דער אָרגאַנישער פאָרם, און ניט אין דער אינאָרגאַנישער, וועלכע די גרינע פּלאַנצען נוצען. לעבט דעריבער אויף דער פּאָנגוס אַן אַנדער מין פּלאַנץ — די אַלדזשאַי, וועלכע ברעכט פאַנאַנדער די קוילענזויערע פון דער לופט, כדי די פּאָנגוס זאָל זיך קאָנען באַנוצען מיט דעם נייטיגען קוילענשטאָף. אַלס באַלוינונג פאַר דער אַרבייט זאַפּט די פּאָנגוס אָן דאָס נייטיגע וואַסער פאַר דער אַלדזשאַי. אַזוי זעהען מיר ווי דער קאָאָפּעראַטיווער נעפּיהל מאַכט מעגליך די עקזיסטענץ פון צוויי באַזונדערע מינים, וועלכע וואָלטען יעדער פאַר זיך אַליין ניט געקענט עקזיסטירען.

אַ סך בלומען גיבען געוויסע זאַפטען צו די בינען, און די לעצטע העלפען פאַר דעם אַריבערטראָגען (אומבאַוואוסטזיניג, נאַטירליך) די מענליכע בלומען־צעלען צו די ווייבליכע, און העלפען אַזוי ארום די פאָרטפּלאַנצונג פון די דאָזיגע מינים בלומען. דאָס איז אמת'ע קאָאָפּעראַציע.

ווען די „מענשליכע אוממענשליכקייט צום מענש" וועט אויפהערען, וועט אויך קאָאָפּעראַציע ווערען ד ע ר געזעץ פון דער מענשהייט. ווען דער מענש וועט ווערען מער נאַטירליכער, וועט ער זיך אויך באַנוצען מיט דעם איינפאַכען נאַטור־געזעץ — ק אָ אָ פּ ע ר אַ צ י ע.

# „קיקערס"

ניט קוקענדיג אויף אַלע גרויסע און גוטע זאַכען, וואָס דער אַרבייטער־רינג סאַניטאַריום פאַרמאָגט, צייכענט ער זיך אויס מיט דעם, וואָס ער פאַרמאָגט אַ שיין ביסעל „קיקערס" צווישען זיינע פּאַציענטען. מ'זאָגט, אַז עס נעמט זיך דערפון, וואָס יעדער פּאַציענט פילט, אַז ער איז דער בעל־חבית פון דער אינסטיטוציע, און אַלס אַזעלכער קאָן ער ניט ליידען וואָס עס פירט זיך ניט אַזוי ווי ער וויל.

איין מעלה זעהט איר איז נאָך דאָס, וואָס מען „קיקט" שטילערהיים . . . אַזוי צווישען זיך . . . : אָט, צום ביישפּיל, קומט מען פון עס־צימער אין דער לענגט אַריין, רופט זיך אָפּ איינער: ווי געפעלט אייך אונזער קעכין? אַ שיינע זופּ האָט זי היינט געקאָכט, אָן אַ ביסעל זאַלץ. כאַפּט זיך ארויס אַ צווייטער, וואָס נעמט פאַר'ן עסען מעדיצין: וואָס זאָגט איר, אָן זאַלץ? ס'איז דאָך געוועזן אמת ביטער . . . און וואָס איז מיט'ן פליייש? האָט עס דען געהאַט אַ טעם? קיין אידישען טעם האָט דאָך דאָס ניט געהאַט. — ווי קאָן דאָס האָבען אַ אידישען טעם, אַז ס'איז דאָך אַ גוי'שע קעכין . . . דאָ קומט אריין די נוירס, אויף וועלכער אַלע זיינען איינשטימיג, אַז זי איז זעהר אַ קלוגע און אַ גאַנץ סימפּאַטישע, און תיכף געהן „קיורין", ד. ה. לייגען אויף די בעטען. געהענדיג גיט אַ בורטשע איינער: אַלע זיינען דאָ בעלי־הבתים, אפילו אַ נוירס . . .

ליגענדיג רופט זיך אָפּ איינער: אָך, צו וואָס דאַרף מען אינגאַנצען דעם סאַניטאַריום? — מישט זיך אַריין איינער פון די עקסטרימע ראַדיקאַלען: ווען ס'זאָל ניט זיין קיין סאַניטאַריום, וואָלט געווען פיל בעסער. — מיט וואָס? פרעגט מען אים. — מיט דעם וואָס דער אַרבייטער וואָלט נישט געווען אַזוי פאַרשקלאַפט, ער וואָלט פּראָטעסטירט, ער וואָלט געפאָדערט, ער וואָלט רעוואָלטירט געגען אַזאַ אָרדנונג! — אַ גוטע אידעע, רופט זיך אָפּ איינער, וואָס איז געקומען אַהער דאַר ווי שטרוי און יעצט זיינען שוין אויף אים ענג זיינע קליידער, — נו, און וואָס איז מיט אונזערע פירער, אונזערע בעלי־הבתים? דער סאַניטאַריום מיינט איר איז פאַר אונז? וואָס האָבען מיר פון סאַניטאַריום? אינגאַנצען 9 מאָנאַטען . . . און זיי האָבען אים שטענדיג, שטענדיג . . .

אַך, ברידער, ברידער, איר ווייסט קיינער ניט וואו עס ליגט דער הונט באַגראָבען . . . די סאַניטאַריום קאָמיטע, זי איז די שולדיגע אין אַלעם . . . יעצט איז דאָ גאָרנישט אַזוי שלעכט, אָבער פאַר־אַ־יאָרען? — דאָ שפּרינגט שוין אויף פון בעט דער פילאַדעלפיער: שאַראַפּ! קיקערס וואָס איר זיינט, שרייט ער אויס! איר ווייסט דאָך קיינער ניט וואָס איר רעדט און וואָס איר ווילט, אַז אָך און ווי וואָלט געווען צו דעם סאַניטאַריום, אַז מען זאָל זיך צוהערען צו אייך. פון וואַנען ווייסט איר וואָס דאָ איז געווען פאַר־אַ־יאָרען, ווען איר זיינט דאָ אינגאַנצען צוויי מאָנאַטען אין סאַניטאַריום? ווייסט איר דען ניט, אַז דער אַרבייטער־רינג איז די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרזאָרגט אַזאַ גרויסע מיטגלידערשאַפט מיט אַזוי ווייניג באַצאָלטע באַאַמטע? וואָס קריכט איר אויף די גלייכע ווענט? . . . אוז אויב איר האָט יאָ עפּעס וואָס אויסצוזעצען, באַלאַנגט איר דאָך צו ברענגען. דאָרטען איז דאָס פּלאַץ דערפאַר. אַחער זיינען מיר אַלע געקומען ווערען געזונט. — דערהערט אַזוינע ווערטער, רופען זיך אָפּ די קיקערס: ווי עס ווייזט אויס איז ער אויך פון די חברה . . . אומזיסטיגע פּרעסערס. לאָמיר בעסער שווייגען . . .

פון מ. פּ.

אַ געוועזענער פּאַציענט פון סאַניטאַריום

# זשאַן זשאַק רוססאָ און זיין ערציהונגס סיסטעם

פון רחל האַלטמאַן

אין מיין ערשטען אַרטיקעל האָב איך זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו ווייזען, אַז די בעסטע מעטאָדען פון די אַנגענעהמסטע פעדאַגאָגען קען נים אויסגענוצט ווערען אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פאַר די ברייטע פאָלקס־מאַסען.

פאַר דעם צוועק מוזען מיר זיך באַקאַנען מיט די הויפּט שטריכען פון יעדער מעטאָדע אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך אין דעם באַגרענעצטען פּלאַץ פון אַזעלכע אַרטיקלען. מיר וועלען אָנפאַנגען פון דעם ערשטען אָנגעזעהענסטען פּעדאַגאָג פון די לעצטע צוויי הונדערט יאָהר.

## זשאַן זשאַק רוססאָ און זיין סיסטעם.

זשאַן זשאַק רוססאָ האָט געלעבט אין די יאָהרען 1712 — 1778. ער איז נאָך אַלס קינד געבליבען אַן אָרימער יתום און האָט דורכגעמאַכט אַ סך צרות און דחקות ביז די וועלט איז באַקאַנט געוואָרען מיט זיינע אידעען. באַריהמט איז ער געוואָרען נאָך דאָן, ווען די אַקאַדעמיע פון דער פראַנצויזישער שטאָדט דיזשאָן האָט פאַרשפּראָכען אַ פּרייז פאַר דעם, ווער עס וועט געבען דעם בעסטען ענטפער אויף אַן אָפּהאַנדלונג מיט'ן נאָמען: „האָט דער פּראָגרעס פון די וויסענשאַפטען און קונסט ביינגעשטייערט צו פאַרדאַרבען אָדער פאַרבעסערען די מאָראַל".

האָבענדיג אַ אומרוהיגע נשמה און זייענדיג אַ רעוואָלוציאָנער פון נאַטור האָט רוססאָ אַ סך געוואַנדערט איבער דער וועלט און זיך צוגעקוקט צו דער לאַגע פון די אָרעמע און אונטערדריקטע. דער געפיהל פון סימפּאַטיע און אַכטונג צו די אַרבייטער מאַסען — צו די פּויערים און דער שטאָדטישער באַפעלקערונג, איז ביי איהם געוואָרען שטאַרק ענטוויקעלט. פון דער אַנדער זייט האָט ער געזעהן, אַז די קלאַסען־הערשאַפט און דער דעספּאָטיזם פון די אַזוי גערופענע „נאָבעל־לייטע" האָט געפיהרט צו אונטערדריקונג און געמאַכט די מענשען אונגליקליך. ער ענטפערט דאַרום אויף דער פראַגע אין דער אָפּהאַנדלונג מיט גרויס פייער און ווייזט אָן, אַז אונזער מאָדערנע ציוויליזאַציע איז נים מעהר ווי קייטען פאַר'ן מענשען; זי איז געקינצעלט און פאַלש, — און דער איינציגער וועג צו ברענגען צופריעדענהייט און גליק אויף דער וועלט איז אָפּצושאַפען קלאַסען, זיך צוריקקעהרען צו דער מוטער־נאַטור, וואו יעדער איינער זאָל אַרבייטען און פיהרען אַ געזונטען נאַטירליכען לעבען.

דער ענטפער איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס באַגייסטערונג, ווייל רוססאָ האָט אויסגעדריקט קלאָר און שאַרף די געפיהלען, וואָס האָט יעדען איינעם פון זיינע צייטגענאָסען געדריקט ווי אַ שווערע לאַסט.

ווען איינער פאַרטראַכט זיך וועגען אונזערע געזעלשאַפטליכע איבלען און זוכט וועגען ווי אַזוי דאָס אָפּצוראַמען מוז ער ווילענדיג־ניט־ווילענדיג זיך אָנשטויסען אָן אַזאַ פונדאַמענטאַלער זאַך ווי די ערציהונג פונ'ם יונגען דור. אַזוי איז טאַקע געווען דער פאַל מיט רוססאָ. ער האָט זיינע געדאַנקען וועגען ערציהונג אויסגעדריקט אין זיין בוך „עמיל" — די רעוואָלוציאָנערסטע אָפּהאַנדלונג וועגען ערציהונג וואָס איז ווען עס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען. דורך זיין „עמיל" און ניט דורך זיין אַלגעמיינער פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויאונג, וואָס איז היינט צו טאָג שוין פאַרעלטערט, האָט זיך רוססאָ פאַרשאַפט אונשטערבליכקייט.

דער צוועק פון „עמיל" (אַזוי הייסט דער אויסגעטראַכטער שילער פון זיין בוך) איז געווען אָנצואווייזען די צופּוילטקייט פון אונזער שול־סיסטעם — די אַזוי גערופענע פאָרמאַלע בילדונג, און דאָס פאַרבייטען מיט אַ נאַטירליכע ערציהונג. ער הייבט אָן זיין בוך מיט איבער'חזר'ן דעם גרונד געדאַנק, וואָס געהט דורך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך אַלע זיינע פילאָזאָפישע ווערק: „אַלץ איז גוט ווי עס קומט אַרויס פון די הענט פון דעם באַשאַפער — דער נאַטור; עס ווערט אָבער פאַרדאָרבען אין די הענט פון מענשען". ער ווייזט אָן אַז מיר ווערען אויסגעבילדעט פון דריי קאַרטען לעהרער — נאַטור, מענש און זאַכען. אַזוי ווי די צוזאַמענאַרבייטונג פון די אַלע-דריי איז ניטמעגליך

אום די אויסבילדונג זאָל זיין אַ פאָלקאָמענע, און אַזוי ווי די נאַטור קענען מיר נים אונטערדריקען מוזען מיר די אַנדערע צוויי פאַקטאָרען — דעם מענש און די זאַך אונטערוואַרפען דער נאַטור.

„עמיל" איז איינגעטיילט אין 5 ביכער. אַזוי ווי עס נעהמט אַריין די ערציהונג פון קינד פון זיין ערשטען טאָג אָן, באַשטעהט דער ערשטער פעריאָד פון „עמילס" בילדונג אין קערפּערליכער אַקטיוויטעט. דער צווייטער טייל — פון בילדען זיינע חושים. צופעלינגערווייזע קריגט ער אויך אַ באַגריף וועגען אויפפיהרונג. דער דריטער פעריאָד באַשטעהט אין קריגען אונטעררריכט אין נאַטור־וויסענשאַפט, ווייל דאַן הייבט זיך אָן אין איהם ענטוויקלען אַן אינטערעס אויסצופאָרשען זאַכען. דאָס איז אומגעפעהר אין דעם עלטער פון 12—15. ביז צו יענער צייט ווייס עמיל קוים וואָס אַ בוך איז. רוססאָ'ס מיינונג איז וואָס ווייניגער ביכער אַלץ געזונטער איז פאַר'ן קינד. זיין „עמיל" לערנט נאָר לעזען דאַן ווען ער אַליין הייבט אָן צו פיהלען אין דעם אַ נויטווענדיגקייט. אין זיינע קינדער־יאָהרען שטודירט עמיל דאַרום נים קיין געאָגראַפיע, געשיכטע אָדער שפּראַכען, וואָס די לעהרער צווינגען געוועהנליך די קינדער צו לערנען אויף אויסעווענדיג, אום זיך צו קענען באַריהמען, אַז זייערע שילער האָבען אַ סך אויסגעטאָן, אָבער וואָס ברייגגט קיין נוצען פאַר די קינדער.

„עמיל'ן" ווערט געגעבען די מעגליכקייט צו וואַקסען ער צווינגען אונטער פרייע, געזונטע און איינפאַכע אומשטענדען. זיין שול איז צווישען פעלד און וואַלד, אויפ'ן שויס פון דער מוטער־נאַטור, ווייט פון די איינפלוססען פון דער „ציוויליזאַציע". זיין ערשטער לעהרער זיינען זיינע פיס, הענט און אויגען; ווייל אויב מיר ווילען זיך לערנען דענקען דאַרפען מיר געברויכען אונזערע גלידער און חושים, וואָס זיינען די ריכטיגע אינסטרומענטען פון אונזער דענקונגס־קראַפט. עס ווערט געלערנט עמיל'ן שווימען, שפּרינגען, קריכען אויף הויכע ווענט און צוגעוואוינען זיך צו שווערע לאַסטען. זיין אויג און אויער ווערט ענטוויקעלט דורך נאַטירליכע פּראָבלעמען; ווי מעסטען, וועגען, אָפּשאַצען דעם געוויכט פון אַ משא, דורך זינגען, דורך מאָהלען און צייכענען. געאָגראַפיע וועגען ווייטע לענדער וואָס ווערט געלערנט פון לאַנדקאַרטען ווערט איינגאַנצען באַזייטיגט. דערפאַר אָבער ווערט מיט יעדער איינצעלהייט שטודירט די אומגעגענד וואו „עמיל" לעבט.

דאָס פערטע בוך באַהאַנדעלט מאָראַלע ערציהונג. דאָ קומט עמיל אין באַריהרונג מיט די אונגליקליכע פון אונזער געזעלשאַפט ווי צ. ב. פאַרברעכער, און ער אַרבייט אויס אַליין פאַר זיך אַ באַגריף וועגען גוט און שלעכט. דער פינפטער בוך שילדערט ווי עמיל גייט אַרויס אין דער וועלט לעבען זעלבסטשטענדיג. „מיר האָבען פאָרמירט עמיל'ס קערפּער, חושים און דענקונגס־אַפּאַראַט, איצט בלייבט נאָר צו געבען איהם אַ האַרץ". און די האַרץ קען ער נאָר ענטוויקלען קומענדיג שטענדיג אין באַריהרונג מיט מענשען, זאָגט רוססאָ.

„עמיל" האָט אין זיין צייט אָנגעמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם און האָט געדינט פאַר פיעלע דורות אַלס מוסטער אין ערציהונג. ער האָט נאָך גרויסע פאַרדינסטען ביז היינטיגען טאָג נים קוקענדיג אויף זיינע פיעלע חסרונות פון דעם פּעדאַגאָגישען שטאַנדפּונקט פון דער לעצטער צייט. דער גרעסטער חסרון פון רוססאָ'ס באַגריפען וועגען ערציהונג איז, וואָס עמיל דאַרף ערצויגען ווערען אַליין, אָהן דער געזעלשאַפט פון אַנדערע קינדער. אין אַנדערע ווערטער ער האָט קיין אַהנונג פון געזעלשאַפטליכע, פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע באַציהונגען ביז ער איז 16 יאָהר אַלט.

עס איז זעהר מעגליך, אַז אין דער צייט ווען רוססאָ איז אַרויסגעטראָטען אַלס געזעלשאַפטליכער רעפאָרמער, ווען די עפּאָכע אין וועלכער ער האָט געלעבט איז געווען אַזוי געקינצעלט און נאָר פאַלירט פון אויבען, האָט ער געמוזט אָננעהמען די שטעלונג פון אַ פאַנאַטיקער—פאַרהערליכען די נאַטור און אינגאַנצען אָפּליקענען ציוויליזאַציע. דורך אַזאַ עקסטרעם האָט ער

# מיין ערשטער באזוך אין סאנאטאריום

פון י. וויניצקי
(דירעקטאר פון אהייא)

פון דער צייט וואס איך בין פון דער נ. ב. פון דירעקטארען ערווילט געווארען צו באזוכען אונזער סאניטאריום ביז דער צייט, ווען איך בין אהין געפארען, איז פארגאנגען זעקס חדשים. אבער פאר מיר איז דאס געווען א גאנצע אייביגקייט. איך האב פשוט געברענט פון אומגעדולד און יעדער טאג איז פאר מיר געווען א יאר. אבער „אז מ'לעבט, דערלעבט מען אלץ". ענדליך, האב איך זיך דערווארט די צייט. דאס איז געווען מאנטאג, דעם 27מען דעצעמבער, 1920, ווען איך בין צוזאמען מיט דע דירעקטאר פון ר. א., פריינד שערמאנ'ען, געפארען אנקוקען „דאס הייליגע לאנד", דעם א.־ר. סאניטאריום.

דורך דעם גאנצען וועג איז מיין שטימונג געווען ניט גאר קיין געהויבענע. איך ווייס ניט פארוואס — צי דערפאר, וואס איך האב זיך דערמאנט אן די אלע צאנקערייען, וועלכע האבען ארויסגערופען אזוי פיל היים בלוט אין סאניטאריום, אדער דערפאר, וואס איך האב ניט געקאט פארטראגען דעם קאלטען שניי, וועלכער האט פארשאטען אונטער זיך אלץ און אלעם. אומעטום, וואו איך האב נאר געווענדט מיין בליק, האב איך בלויז געזעהן שניי, שניי און שניי! אפפארענדיג איבער 4 שטונדען, זיינען מיר ענדליך אנגעקומען אין ליבערטי.

ארונטערשטייגענדיג, האבען מיר געפונען, אז פריינד נעכאמקין, פון דער סאניטאריום קאמיטע, האט שוין געווארט אויף אונז, און ערקלערענדיג, אז פון דאנען וועלען מיר נאך דארפען פארען דריי און א האלב מייל צום סאניטאריום, האבען מיר זיך באלד ווידער געלאזען אין וועג. פון די בערג דארטען, אונז אנטקעגען, קומט אן די נאכט. איך שטרענג אן מיין בליק, ווי איך וואלט וועלען „דערטאפען" עפעס אזעלכעס, וואס איך זאל קאנען אננעמען, אז דאס איז דער סאניטאריום. מיט אמאל, אן א זייט פונ'ם וועג, דערזעה איך פון ווייטען ווי דער הימעל דארטען איז אנגעפיקעוועט מיט קליינינקע פייערלאך, אזוי ווי די שטערען וואלטען זיך צוזאמענגעקומען אויף אן אסיפה. נאר אט האט דער וועג זיך אויסגעגלייכט און מיר פארען גלייך אנטקעגען יענע פייערלאך דארטען. קיין געביידעס זעה איך נאך ניט, אבער אינסטינקטיוו שריי איך אויס: אה, דאס איז דער סאניטאריום! „יא, דאס איז דער סאניטאריום", זאגט מיר אונטער פריינד נעכאמקין.

ארויפגעקראכען דעם בארג, גיבען זיך די אויסגעפאשעטע פערדלאך א יאג, אזוי ווי זיי וואלטען וועלען איינשלינגען דעם וועג. די פייערלאך לויפען אונז אנטקעגען און אינ'ם ליכט פון זייער אפשיין זעהען זיך שוין די קאנטורען פון איינינע געביידעס. מיר קומען צו נעהנטער, און די גרויסע מאסע ליכט האנגט זיך אן אפצוטיילען אין באזונדערע גרופען קלענערע און גרעסערע. „איצט פארען מיר אריין", לאזט אונז וויסען פריינד נעכאמקין, און איך האב נאך קיין צייט ניט געהאט גוט זיך ארומצוקוקען און מיר זיינען שוין געשטאנען ביים אריינגאנג פון „אדמיניסטריישאן" בילדינג. איך שטעל זיך אפ באטראכטען יעדע געביידע באזונדער און וואונדער זיך ווי „מאדנע" זיי זיינען געבויט: קיין ווענט זיינען כמעט ניטא, נאר דורכאויס פענסטער. פון אלע זייטען, פון אונטער ביז ארויף, נאר פענסטער, פענסטער, פענסטער. יעדע געביידע איז איין גרויס פענסטער און פון די פענסטער גיסט זיך ליכט. איך באטראכט דעם אויסגוס פון ליכט און אויפ'ן הארצען ווערט מיר אזוי גוט, אזוי ווארעם . . .

נאכדע ווי מיר שליסען אונזער ערשטע באקאנטשאפט מיט'ן סופעראינטענדענט, דר. אנטאנאווסקי, מיט זיין פרוי און די אנגעשטעלטע, ווערען מיר אריינגעפירט אין קאמיטע־רום, און ד א ווערט מיין באגייסטערונג אביסעל צושטערט: דער ווייס־ און געל־קאליר פון די ווענט דערמאנט מיך באלד, אז איך געפין זיך אין א האספיטאל. אין דער שווארצער שטול, וואס איז, ווי עס ווייזט אויס, צופעליג אהין אריינגעשטעלט געווארען צווישען די ברוינע מעבעל, האט מיר אויסגעזעהן ווי א שווארצע לאטע אויף א שיינעם בגד . . .

אויף מארגען, ווען איך האב זיך שוין געהאט אביסעל אריענטירט, איז דער ערשטער שווערער איינדרוק פארשוואונדען. און ווידער האב איך אומגעשטערט געשעפט באגייסטערונג פון יעדען נייעם אויפטו אין אונזער סאניטאריום און פון יעדע זאך, וואס איך האב דארטען געזעהן און נעהערט. איך בין אויך געווען איבערראשט אויסצוגעפינען, אז פון די אמאליגע קלאגען פון די פאציענטען געגען דער פארוואלטונג און סאניטאריום קאמיטע איז היינט קיין זכר ניט געבליבען. אלע פאציענטען, מיט וועמען מיר איז נאר אויסגעקומען צו רעדען, זאגען, אז די באציהונגען, סיי מיט דער פארוואלטונג און סיי מיט דער סאניטאריום קאמיטע, זיינען די בעסטע און פריינדליכסטע. דאס עסען איז געשמאק און גוט צוגעגרייט, און איז פון דאס בעסטע און פרישסטע, וואס מ'קאן זיך פארשטעלען. וועגען נייעם סופעראינטענדענט און זיין געהילף (זיין פרוי), דר. אנטאנאווסקי, האבען די פאציענטען נאר גוטעס צו זאגען. וואס איז שייך דער סאניטאריום קאמיטע, שיינט מיר, אז זיי פארשטעהען גוט זייער אויפגאבע. זיי ווייסען, אז זיי זיינען ניט קיין טשינאווניקעס, נאר מענשען, וועמען עס איז אנפארטרויט געווארען די אויפפאסונג פון סאניטאריום. אזוי איז יעדענפאלס מיין איינדרוק, וואס איך האב ארויסגעטראגען פון די צוויי טעג וואס איך האב דארטען פארבראכט און פון די קורצע געשפרעכען וואס איך האב געהאט מיט די פאציענטען און אויך מיט א פאר פון דער סאניטאריום קאמיטע.

איך וואלט נאך געוואלט זאגען א פאר ווערטער וועגען די נייע איינריכטונגען, וואס זיינען לעצטענס געמאכט געווארען אין אונזער סאניטאריום, ספעציעל וועגען דער „עקסרעי" מאשין, וואו מ'שטעלט אוועק א מענשען און דער דאקטער טוט אים אן א „פלאט", גיט ערגעץ א דריק א קנעפעל און איר דערזעהט דעם מענשען דורך־און־דורך אין זיין גאנצער נאקעטקייט . . . אבער דאס צו באשרייבען לאז איך איבער פאר עקספערטען. צום שלום וויל איך נאר זאגען, אז ווען איר באטראכט זיך, אז דאס אלעס איז אויפגעטאן געווארען פון פשוט'ע ארבייטער מיט זייערע ארעמע פענים, מוזט איר זיך פילען שטאלץ, וואס איר זייט איינער פון זיי.

אוועקפארענדיג פון סאניטאריום, האב איך זיך געטראכט: ווי גוט וואלט דאס געווען, אז אין א שיינעם טאג זאלען אלע צוויי און אכציג טויזענט מעמבערס פון ארבייטער־רינג ארויפקומען אין סאניטאריום און אליין זעהן מיט זייערע אייגענע אויגען, וואס פאר א שיינעם מאנומענט זיי האבען זיך אויפגעשטעלט!

---

געקענט ציהען מעהר אויפמערקזאמקייט פון זיינע צייט־גענאסען. איצט אבער זעהט מען ווי די זאך איז איבערטריבען. אמת, אין רוסלאנד, צ. ב. מאכט מען טאקע לעצטענס א שטארקען געברויך פון רוססא'ס אידעען אין דעם זין צו האבען שופען צווישען די גרינגע וועלדער און פעלדער. מען פארנאכלעסיגט אבער פאר קיין פאל ניט אזא וויכטיגע זאך ווי ערציהען די קינדער געזעלשאפטליך, אנפאנגענדיג פון דער צארטעסטער יוגענד. אין די קינדערשע זומער־קאלאניעס, אין זייערע מוסטער פארעמס און שפיל־פלעצער ווערט שטענדיג אונטערשטראכען, אז זיי זיינען קינדער פון איין גרויסער פאמיליע און אז זייער גאנצע ארבייט דארף זיין געציעלט פאר דעם נוצען און וואהלזיין פון כלל.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

**דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער־רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 5־טען דעצעמבער, 1920, פון דעם טשערמאַן י. ישורין.**

קאָמיטעס

פון בר. 566 — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 12טען דעצעמבער. ערוועהלט פר. אַלטמאַן.

פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — ערקלערען, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט געהעכערט 20 סענט אויפ'ן קוואָרטאַל פאַר יעדען מעמבער, כדי צו העכערן די געהאַלט פון די דאָקטוירים, דאָך האָט דער דעפּאַרטמענט פאַר די דאָקטוירים קיין העכערונג ניט באַשטימט. זיי זאָגען, אַז פיעל ברענטשעס באַגרייפען ניט, אַז דאָס איז אַ לאָקאַלער דעפּאַרטמענט, און רעכענען דאָס אַלס אַ טייל פון אונס, אַ טייל פון דער עקזעקוטיוו. זיי גלויבען דארום, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו דאַרף נעמען אַ שטעלונג אין דער פראַגע, און זעה [אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט זאָל אָדער אומקערען די 20־סענטיגע, אָדער העכערן די דאָקטוירים אין זייער געהאַלט. עס ווערט באַשלאָסען צו פאַרהאַנדלען די פראַגע נאָך די רעפּאָרטס פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס.

פון בר. 446 ראָזעל, נ. דזש. — זיי ערקלערען, אַז זיי האָבען ענדליך פאַרענדיגט זייער לייבאָר לייסעאום, און זיי בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו דער ערעפענונג, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען שבת אָוועגד, דעם 1טען יאַנואַר. זיי פאַרלאַנגען אויך, אַז מען זאָל זיי לייהען 3 טויזענד דאָלאַר אויף אַ מאָרגעדזש פון לייבאָר־לייסעאום. דער טשערמאַן, פר. ישורין, ערקלערט, אַז מיר לייהען ניט אויף קיין פּריוואַטע מאָרגעדזשעס, נאָר אויף מאָרגעדזש סערטיפיקייטס פון אַ טייטל גאַראַנטי קאָמפּאַני, לויט די רולס פון סטייט אינשורענס דעפּאַרטמענט. פר. י. ב ביילין ווערט ערוועהלט צו זיין דאָרט פאַרטראָטען

פון בר. 210 — זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל האַנדלען איבער דער פראַגע פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, און דריקען אויס דעם זעלבען פאַרלאַנג וואָס די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען זיי צו ענטפערן, נאָכדעם ווי מיר וועלען וועגען דעם האַנדלען.

פון בר. 87 — דר. סילווערבערג, אַלס פאַרטרעטער פון ברענטש, ערקלערט, אַז אויף דער איניציאַטיווע פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט איז געמאַכט געוואָרען אַ טעאַטער אונטערנעמונג פאַר אַ געוועזענעם מיטגליד פון דעם דעפּאַרטמענט, וועלכער איז אויך געוועזען אַ מיטגליד פון זייער ברענטש. דער ברענטש האָט ביים דעפּאַרטמענט גענומען פאַר אַ געוויסע סומע טיקעטס, אָבער דער מעמבער איז פאַר דער טעאַטער־אונטערנעמונג געשטאָרבען. דער ברענטש האָט דאַן געוואָלט אָרונטערנעמען אַ געוויסען פּראָצענט פון די טיקעטס, וואָס ער האָט גענומען. דער ברענטש איז דערפאַר געשטראָפען געוואָרען פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט. זיי זאָגען, אַז דאָס איז ניט געוועזען קיין טעקס פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט אויף אַלע ברענטשעס, און פאָלגליך האָט מען דערפאַר דעם ברענטש ניט געקאָנט שטראָפען. דר. סילווערבערג דויטעט אָן, אַז ער ווייס, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט ניט קיין יוריסדיקציע איבער דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט, דאָך בעט דער ברענטש אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל זעהן שליכטען די פראַגע. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

צושריפטען

פון אַ.־ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי — זיי לאַדען איין צו שיקען 2 פאַרטרעטער צו דעם באַנקעט, וואָס זיי אָראַנזשירען צו פייערן די ערעפענונג פון דער אַ.־ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. ערוועהלט פריינד חערמאַן און מאַנדעל.

פון בר. 224 — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 12־יעריגען יובילעאום באַנקעט, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 19טען דעצעמבער. ערוועהלט פריינד שפּויער.

פון פּיפּעלס רעליעף — זיי בעטען, אַז די רעליעף־געלדער וואָס מיר האָבען [אין קעש זאָלען יעצט איבערגעשיקט ווערען דורך זיי. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

פון פר. מ. י. אַשפּיז — ער דאַנקט פאַר ערוועהלען איהם אין דער אַרבייטער־רינג הויז־קאָמיטע.

פון בר. 280 און פון פרס. פערלאָוויץ — בעטען צו באַטייליגען זיך אין מעמאָריאַל מיטינג נאָך מאַקס פערלאָוויץ, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 12טען דעצעמבער. אין דעם זעלבען טאָג וועט אויך זיין די אויפדעקונג פון דער מצבה. עס ווערט באַשלאָסען צו בעטען אַלע מיטגלידער פו [דער עקזעקוטיוו זיך צו באַטייליגען אין דעם מעמאָריאַל מיטינג.

פון 1טען סטעמבלי דיסטריקט ס. פּ. — שיקען צו 5 טיקעטס צו דע מאַיר לאָנדאָן באַנקעט, וואָס ווערט אָראַנזשירט אין פאַרבינדונג מיט זיין ערוועהלונג צום קאָנגרעס. באַשלאָסען אָננעמען די איינלאַדונג. אַלס פאַרטרעטער ווערען ערוועהלט פריינדע האַסקעל, קרינסקי, ראָזענבלאַט, יאַקאָבי און מאַלאַט.

באַריכטען

פר. דינערשטיין באַריכטעט פון דער פּיפּעלס רעליעף קאָנווענשאָן. ער ערקלערט, אַז די אַרבייטער־רינג דעלעגאַטען האָבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו שטימען פאַר אָפּרייסען זיך פון דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע, ווי זיי זיינען אינסטרואירט געוואָרען, ווייל די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע פון קאָנווענשאָן האָט געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס און עס איז ניט געקומען צו קיין אָפּשטימונג וועגען אָפּרייסען זיך. דער סענטימענט פון דער מאַיאָריטעט־דעלעגאַטען איז געוועזען פאַר דעם, אַז די פּיפּעלס רעליעף זאָל זיך אָפּטיילען פון דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע, אָבער ווי עס זעהט אויס וועט די רעזאָלוציע פון דער קאָנווענשאָן זיין גינסטיג פאַר דעם, אַז די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּא זאָלען קריגען דירעקט געלד געשיקט פון היגען רעליעף. דאָס דורכצופירען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער אַדמיניסטראַציאָנס קאָמיטע פון דער פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע.

עס ווערט דעבאַטירט די פראַגע, צי די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן האָבען געהאַנדעלט לויט די אינסטראַקשאָנס, וואָס זיי האָבען געקראָגען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, און צי זיי האָבען געהאָלפען דורכפירען די שטעלונג פון אַרבייטער־רינג. עס ווערט אָנגעדויטעט, אַז דער רעזולטאַט פון דער קאָנווענשאָן איז וואָס די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע שיקט יעצט דירעקט געלד אין אייראָפּא צו די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און דאָס איז געוועזען פיעל צו פאַרדאַנקען די פעסטע שטעלונג, וואָס דער אַרבייטער־רינג האָט גענומען בנוגע דער פראַגע; אַז אַ דאַנק דער לעצטער קאָנווענשאָן האָט זיך געביטען די לאַגע: אַז אנשטאָט די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע זאָל זיך דאַרפען אָפּרייסען, וועט געלד געשיקט ווערען דירעקט צו די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּא, און ווען דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע וועט עס ניט געפעלען, וועט זי דאַרפען אויסשליסען די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע. נאָך אַ לענגערע דיסקוסיע, אין וועלכער עס באַטייליגען זיך כמעט אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו, זאָגט פריינד י. ישורין, טשערמאַן פון אַ.־ר., אַז ער איז שטאָלץ דערמיט, וואָס די עקזעקוטיוו מיטגלידער האָבען ערנסט דיסקוטירט די האַנדלונג פון אונזער דעלעגאַציע צו דער קאָנווענשאָן. ער זאָגט, אַז ווען ער וואָלט געוועזען אַ דעלעגאַט, אָבוואויל האָבענדיג אַן אַנדער שטעלונג צו דער פראַגע, וואָלט ער זיכער ניט געוועזען געשטימט ביי דער קאָנווענשאָן פאַר דער אָנגענומענער רעזאָלוציע, וועלכע איז ניט אין איינקלאַנג מיט די אינסטרוקציעס וואָס די עקזעקוטיוו האָט געגעבען אונזערע דעלעגאַטען. דער באַריכט פון דער קאָנווענשאָן און די האַנדלונג פון די דעלעגאַטען ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. בורגין באַריכטעט, אַז פר. מאָלאַט און ער זיינען געוועזען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון אַמעריקען הומעניטעריען אַלייענס, וועגען אַרונטערנעמען די בלאָקאַדע פון רוסלאַנד. ס'זיינען געוועזען פאַרטראָטען 288 דעלעגאַטען פון 160 אָרגאַניזאַציעס, אויך 2 סענאַטוירען דעלעגאַטען. עס איז אויפ'ן פּלאַץ ערוועהלט געוואָרען אַ 25־ער קאָמיטע אָנצופירען די אַרבייט פון העלפען אַרונטערנעמען די בלאָקאַדע פון רוסלאַנד. עס איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע. ער דויטעט אָן, אַז איין דעלעגאַט האָט אָנגעצייגט דאָס אַזעלכע רעזאָלוציעס קאָנען ניט האָבען קיין ווירקונג, נאָר די אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט דאַרף שטעלען אַ פאָדערונג דער רעגירונג אַרונטערצונעמען די בלאָקאַדע. פר. מאָלאַט, דער צווייטער פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ, דריקט אויס אומצופרידענהייט וואָס אין דער 25־ער קאָמיטע איז ניט טריין אַ פאַרטרעטער פון אַרבייטער־רינג. זייער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

פר. האַסקעל באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען ביים יובילעאום פון בר. 465. זיי האָבען אויפגענומען די פראַגע וועגען בוידע קאַמפּיינס. דער באַנקעט איז געוועזען זעהר אַ שעהנער. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַלטמאַן באַריכטעט, אַז אונזער רעליעף קאָמיטע האָט געהאַט אַ מיטינג א ון האָט באַשלאָסען צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, און זיי בעטען צו רעדען וועגען רעליעף אַרבייט ביי אַלע ברענטשעס, וועלכע זיי קומט אויס צו באַזוכען. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראָזענבלאַט באַריכטעט, אַז די ליגעל קאָמיטע פירט אַן סיסטעמאַטיש איר אַרבייט פון לעגאַליזירען דעם אַרבייטער־רינג, וואו עס איז מעגליך. ער ערקלערט, אַז די אַרבייט פּראָגרעסירט. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. דינערשטיין באַריכטעט, אַז די אַרבייטער־רינג הויז־קאָמיטע האָט אַרויסגעשיקט אַן אָנפראַגע צו אַלע ניו־יאָרקער ברענטשעס, וויפיעל זיי צאָהלען רענט פאַר זייערע מיטינג לאָקאַלס, כדי צו קאָנען זיך רעכענען דערמיט ביים מאַכען פּלענער פאַר אַן אַרבייטער־רינג הויז. אַ קאָנפערענץ וועגען דער פראַגע ווערט פאַררופען פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס אויף זונטאָג ביינאַג, דעם 19טען דעצעמבער. זיי לאַדען איין צו שיקען פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו צו דער קאָנפערענץ. ערוועהלט פריינדע דינערשטיין, בורגין און בערנשטיין.

פר. פרישוואַסער, טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמיטע האָט געהאַט איר ערשטען מיטינג און זיך קאָנסטיטואירט. פר. ראָזענבלאַט איז ערוועהלט געוואָרען אַלס סעקר. און ער (פרישוואַסער) אַלס טשערמאַן. עס איז באַשטימט געוואָרען צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט דער טאָראָנטאָ קאָנווענשאָן קאָמיטע. באַריכט וועדט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. י. באַסקין, גענעראַל סעקרעטער פון אַ.־ר., באַריכטעט, אַז מיר האָבען יעצט אַ דעפּיציט אין אַדמיניסטריישאָן און קאָנווענשאָן פאַנדס.

אין קוויבעק, קענעדאַ, איז אונזער ספּעציעל באַשטימטער אַגענט פאַר יענער טעריטאָריע אַוועקגעפאָרען. דער אינשורענס דעפּאַרטמענט האָט זיך צו אים געווענדעט עטליכע מאָל, אָבער קיין ענטפער האָבען זיי ניט געקראָגען. דער אָפיס וועט יעצט נאָכזוכען אַ פּאַסענדען מיטגליד פון אַרבייטער־רינג, וואָס זאָל באַשטימט ווערען אַלס אַגענט אויף יענעמס פּלאַץ.

צו ענדע פון לעצטען מאָנאַט איז די אַקטיוויטעט צווישען די ברענטשעס פאַרשטאַרקט געוואָרען אין באַצוג אַריינקריגען נייע מעמ־בערס. אין מאָנאַט נאָוועמבער זיינען אַריינגעקומען 994 מיטגלידער.

קראַנקען־בענעפיט ווערט די לעצטע צייט אויסגעצאָלט גאַנץ נאָר־מאַל. אונזער סטאַטיסטיק ציינט, אַז מיר צאָלען אויס קראַנקען־בע־נעפיט פּראָפּאָרציאָנעל אויף אַ נידריגערער נאָרמע ווי אַנדערע פראַ־טערנאַל אָרגאַניזאַציעס.

די פיפעלס רעליעף קאָמיטע האָט צו אונז צגעשיקט דעם טשעק אויף 1000 דאָלאַר, וואָס בר. 210 האָט דורך אַ מיספאַרשטענדניס אי־בערגעגעבען צו זיי אַנשטאָט צום דזשענעראַל אָפיס.

איבער'ס גאַנץ פאַר די מלחמה־קרבנות האָבען מיר יעצט $72,276.16.

די קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען צו דער פערוואַלטונג פון דעם יאָהר 1921-22 וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 13טען פעברואַר. סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע

פר. חעסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיט־גליד פון אַ ניו־יאָרקער ברענטש האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס אַרונ־טערצונעמען פון זיין בענעפיט 20 דאָלאַר, וואָס זיי האָבען אויסגע־געבען אויף אים אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט, ניט פרעגענדיג ביי אים. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז דער ברענטש דאָקטאָר האָט אים געהייסען פאָרען אין קאַנטרי אויף 6 וואָכען. זייענדיג אין קאַנטרי, האָט ער ברענטש ערפאָרען, אַז ער איז ערנסט קראַנק און זיי האָבען געוואָלט, אַז ער זאָל צוריקקומען אין ניו־יאָרק, כדי עקזאַמי־נירט צו ווערען פון אַ דאָקטאָר ספּעציאַליסט. דער ברענטש האָט גע־שיקט אַ קאָמיטע צו אים אין דער קאַנטרי צו ברענגען אים אין ניו־יאָרק, ניט פרעגענדיג ביי אים פריהער צי ער וויל פאָרען, צי ניט. נאָכהער האָט דער ברענטש אַרונטערגערעכנט פון זיין בענעפיט 20 דאָלאַר, וואָס האָט באַטראָפען די חוצאות פאַר שיקען דעם קאָמיטע־מאַן ברענגען אים אין ניו־יאָרק און פאַר דעם דאָקטאָר־עקזאַמינייש אָן. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם אַפּיעל און באַאויפטראָגט דעם ברענטש אויסצוצאָהלען אים די 20 דאָלאַר.

דער אַפּעלאַנט געגען בר. 440, וועגען וועלכען די גריוועגס קאָ־מיטע האָט מיט 2 מאָנאַטען צוריק געהאַנדעלט, האָט ניט איינגעצאָלט זיינע דיוס און איז געשטראָכען געוואָרען. די גריוועגס קאָמיטע האָט געשיקט צו אים אַ בריף, אַז ער זאָל איינצאָלען, אום ער זאָל ווערען גוטשטעהענד און מיר זאָלען קאָנען אַרויסגעבען די ענטשיידונג. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן, און זיין אַפּיעל איז דיסמיסט געוואָרען.

אַ מיטגליד האָט אַפּעלירט געגען בר. 292 וועגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט 5 דאָלאַר און צונעמען דאָס וואָרט אויף 4 מאָנאַטען. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער פלעגט האָבען קריגערייען מיט'ן סעקרעטער און צוליב דעם פלעגען די מיטינגען ווערען געשטערט. צוליב אַט דער קריגערייי האָט דער ברענטש באַשטראָפט 2 אַנדערע מיטגלידער אויסער אים, אויך אַרונטערגעזעצט דעם סעקרעטער פון אַמט. דער ברענטש האָט נאָכהער פון יענע אַנדערע מיטגליעדער אַרונטערגענומען די שטראָף, ווייל זיי האָבען זיך אויפגעפירט בעסער ווי פריהער. דער ברענטש האָט גע־שריבען, אַז זיי זיינען אויך וויליג אַרונטערצונעמען די שטראָף פון דעם אַפּעלאַנט, אויב ער וועט ניט אויפהערען צו פאַראורזאַכען טומעל אין ברענטש. די גריוועגס קאָמיטע האָט געענטפערט דעם אַפּעלאַנט, אַז דער פאַרלאַנג פון ברענטש איז אַ גערעכטער; אַז יענער זאָל זעהן צו פאַרמיידען ווייטערע רייבונגען אין ברענטש, און זיין שטראָף וועט זיכער אַרונטערגענומען ווערען; אַז ער זאָל זיך אַליין ווענדען צום ברענטש און זעהן שליכטען די זאַך אויף אַ פריינדליכען אופן.

אַ מיטגליד פון בר. 28 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען אים מיט 50 דאָלאַר: אַ מיטגליד פון ברענטש האָט פון דעם אַפּעלאַנט געמאָנט 25 דאָלאַר, וואָס ער האָט אים פריוואַט גע־ליהען. דער ברענטש האָט די קלאַגע פאַרהאַנדעלט, און אַזוי ווי ער איז ניט געקומען צו דער אונטערזוכונגס קאָמיטע, האָבען זיי באַ־שלאָסען אַז ער זאָל באַצאָלען די 25 דאָלאַר צו דעם צווייטען מיטגליד און אויך באַשטראָפען אים מיט 25 דאָלאַר פאַר ענטזאַגען זיך צו קומען צו דער אונטערזוכונגס קאָמיטע, און פאַר די באַליידיגענדע אויסדרוקען, וואָס ער האָט באַנוצט געגען ברענטש. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז אין דער פראַגע פון דעם חוב קאָגען מיר זיך ניט אַריינמישען, ווייל דער ברענטש דאַרף ניט ווערען דער אַגענט אויפצומאָנען חובות פאַר איין מיטגליד פון דעם צווייטען. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אַפּעלאַנטס באַליידיגונג געגען ברענטש, איז באַ־שלאָסען געוואָרען צו באַשטראָפען אים מיט 5 דאָלאַר פאַר די מלחמה־קרבנות און צונעמען פון אים דאָס וואָרט אויף 6 מאָנאַטען.

אַ מיטגליד פון בר. 20 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים. דער באַטרעפענדער האָט געאַרבייט אין אַ שאָפּ, וואו עס איז אָנגעגאַנגען אַ סטרייק, און דער סטרייק איז פון דער יוניאָן נאָך ניט צוריקגערופען געוואָרען. די יוניאָן און דער ברענטש האָבען אים עטליכע מאָל אויפגעפאָדערט אַרונטערצוגעהן. דער בר. האָט אים צוזאַמען מיט דער יוניאָן פאַרשפּראָכען צו זעהן קריגען אַנדערע אַרבייט, אויב ער וועט פאַרלאָזען דעם פּלאַץ. דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז ער איז אַן אַלטער און קראַנקער מענש און אַז אין אַ צווייטע שאָפּ וואָלט אים שווער געווען צו אַרבייטען; אַז די יוניאָן וואָלט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ געוויסע שטראָף פאַר צוריקגעהן אין שאָפּ, און אויב ער וואָלט געדאַרפט געהן אויף אַן אַנדער פּלאַץ אַר־בייטען, וואָלט ער פריהער געדאַרפט איינצאָלען אַזאַ סומע, אַז ער וואָלט פאַר אים אוממעגליך געווען צו באַצאָלען. ביי דער תירינג האָט די גריוועגס קאָמיטע געפרעגט ביים אַפּעלאַנט, צי ער וואָלט יעצט געווען וויליג צו פאַרלאָזען דעם שאָפּ, אום צו בלייבען אַ מיטגליד אין אַרבייטער־רינג. די גריוועגס קאָמיטע האָט אויך געפרעגט ביי די פאַרטרעטער פון ברענטש, צי זיי וואָלטען געווען וויליג אַרונטערצו־נעמען פון אים די שטראָף אויב ער וועט גלייך פאַרלאָזען דעם שאָפּ. דער אַפּעלאַנט האָט אויפ'ן פּלאַץ פאַרשפּראָכען, אַז ער וועט אין שאָפּ מער ניט צוריקגעהן אַרבייטען, און די פראַגע איז אויף אַזאַ אופן געשליכטעט געוואָרען.

די מינעאַפּאָליס דיסטריקט קאָמיטע האָט אָנגעקלאָגט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַר אויפפאָדערן זיי צו גרינדען אַ דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע זאָל באַשטעהן אָדער פון פאַרטרעטער פון די ברענ־טשעס פון סט. פּאָול און מינעאַפּאָליס, אָדער פון פאַרטרעטער פון די סיטי קאָמיטע פון סט. פּאָול און פון דער סיטי קאָמיטע פון מינעאַפּאָ־ליס. זיי האָבען מאָטיווירט, אַז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס דאַרפען שטעהן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמ. און אויף אַזאַ אופן וואָלט זייער דיסטריקט קאָמיטע געווען פאַרפליכטעט צו דער אָרטיגער סיטי קאָמיטע. די גריוועגס קאָמיטע האָט די פראַגע ניט אויפגענומען, ווייל, לויט אונזער קאָנסטיטוציע, האָט די עקזעקו־טיוו די פולשטענדיגע רעכט צו באַשטימען ווי אַזוי די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס זאָלען צוזאַמענגעשטעלט ווערען. אויסער דעם האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועגען זייער האַנדלונג רע־פּאָרטעט ביי אַ פריהערדיגען מיטינג און די נאַצ. עקזעקוטיוו האָט זייער האַנדלונג גוטגעהייסען.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. פיינערמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט צוגעטראָטען יעצט אַרויסצוגעבען פאָל־גענדע נייע אויסגאַבען.

1) ביאָלאָגיע, פון אַ. ש. זאַקס.
2) פילאָזאָפיע, פון דר. ח. זשיטלאָווסקי.
3) געאָלאָגיע, פון דר. אַב. קאַספּע.
4) פּאָגראָמען אין אוקראַינע, פון פּראָפעסאָר חפץ.
5) אַנטאָלאָגיע פון אַרבייטער־לידער, פון ש. ניגער.
6) ביאָגראַפיעס פון באַרימטע אידישע פרויען, פון דר. אסת. לוריע.
7) אידישע געשיכטע (פאַר קינדער און דערוואַקסענע), וועט געשריבען ווערען פון אַ קאָלעגיום אונטער דער רעדאַקציע פון י ליעסין.
8) אַ טעקסט־ביכעל צו לערנען אידישע סטענאָגראַפיע.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אויך געמאַכט אַראַנזשמענטס מיט פּראָפעסאָר חפץ צוצוגרייטען נאָך 2 בענדער, וועלכע זאָלען אַריינ נעמען די געשיכטע פון די איבעריגע פּאָגראָמען אין די אייראָפּעאיש לענדער. דער אָפּמאַך איז, אַז ער דאַרף צושטעלען דעם מאַנוסקריפּ ניט שפּעטער ווי אין אַ יאָהר צייט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט קירצליך רופען אַ באַראַטונג וועגען צוזאַמענשטעלען אַ סעריע לער־ביכער פאַר די אַר.־רינג שולע אַ באַראַטונג איז לעצטענס אָפּגעהאַלטען געוואָרען, אין וועלכע עס האָבען זיך באַטייליגט עטליכע און צוואַנציג אידישע שרייבער א לערער, וועגען די צוקינפטיגע ביכער, אַרויסגעגעבען פון אַרבייטער־רינג. ביי דער באַראַטונג זיינען אָנגעדייטעט געוואָרען אַ גאַנצע רייע פּלענער פאַר נייע אויסגאַבען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַ שלאָסען צוזאַמענצושטעלען אַן עדיוקיישאָנאַל אַדווייזאָרי באָאַרד, וועל כע זאָל אויסאַרבייטען אַ גענויען פּלאַן פאַר די צוקינפטיגע אויס גאַבען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען פאַר די ווייטערדיגע ביכער צאָלען די מחברים צו $2.25 אַ זייט. פון די נייע אויסגאַבען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס סאַמפּעל־ביכער און אוי באַשטעלונגען אויף דער סומע פון אַרום 4000 דאָלאַר.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט די לעצטע צייט אַראַנזשירט גאַנצע רייה לעקציעס פאַר ברענטשעס אין ניו־דזשורזי און קאָנ מיקוט סטייטס. אַ לעקציע־טור מיט אַ. ראָטמאַן איז יעצט אַראַנזשיר געוואָרען געמיינשאַפטליך מיט דער אידישער סאָציאַליסטישער פער

ראַציע. דער דאָזיגער טור וועט דעקען כמעט אַלע גרעסערע שטעט, וואו מיר האָבען ברענטשעס פון אַרבייטער־רינג.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע שטעהט אין ענגער פאַרבינדונג און האָט פאַרטרעטער אין פאָלגענדע קערפּערשאַפטען: רענד סקול עדיוקיישאָנאַל קאָונסיל, אידישע אָרטאָגראַפישע קאָמיסיע; לעדער־סעמינאַר; סאָשעליסט ריוויו (אויף צו אָרגאַניזירען דעם זשורנאַל); יונייטעד לייבאַר עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

דער „פריינד“ ווערט יעצט געדרוקט אין אַ צווייטער דרוקעריי. צו דעם יובילעאום־נומער איז געמאַכט געוואָרען אַ פאָדערבלאַט, וועלכער האָט געקאָסט עקסטרא 606 דאָלאַר.

דער 10־יעריגער יובילעאום פון „פריינד“ וועט אין ניו־יאָרק געפייערט ווערען דורך 2 קאָנצערטען, אַראַנזשירט פון דעם ניו־יאָרק שטאַטישען בילדונגס־קאָמיטעט.

צוליב דעם וואָס פּאַפּיר איז געוואָרען אַביסעל ביליגער, האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע באַשטימט, אַז דער „פריינד“ זאָל ווייטער אַרויסגעהן רעגולאַר יעדען מאָנאַט, אַבוואויל אַפילו מיט די יעצטיגע פּרייזען פון פּאַפּיר וועט נאָך אויך דער „פריינד“־פאָנד צו ענדע יאָר האָבען אַ געוויסען דעפיציט.

מיר האָבען יעצט 38 אַרבייטער־רינג שולען. שולען האַלטען זיך אויך אין עפענען אין גאַנצע רייה שטעט. ספּעציעלע שול־מכשירים זיינען געדרוקט געוואָרען. עס וועט נויטיג זיין צו באַזוכען איניגע שולען, וועלכע זיינען ניט אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ פעסטען באָדען. ער (פיינערמאַן) איז ערוועהלט געוואָרען אַרויסצופאָרען אויף עטליכע טעג צו באַזוכען עטליכע שולען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצוגעבען אַ מאָנאַטליכען קינדער־זשורנאַל פון 24 זייטען. עס איז אונטערגערעכנט געוואָרען, אַז יעדער נומער, געדרוקט אין 2000 קאָפּיעס, וועט דאַרפען קאָסטען אַרום 400 דאָלאַר. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דענקט, אַז צו דער אויסגאַבע פון דעם זשורנאַל וועט מען ניט דאַרפען פיל דערלייגען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז גלייך צוגעטראָטען צו דער אַרבייט און דער ערשטער נומער וועט ערשיינען אין מאָנאַט יאַנואַר.

דער אימיגראַנטען־שטראָם האָט אַהערגעבראַכט אַ חשובע צאָל אינטעליגענטע לערער פון רוסלאַנד, און די שול־קאָמיסיע האָט שוין איניגע פון זיי צוגעצויגען אַלס לערער פאַר אונזערע שולען. עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז דער וואָך פון 25טען דעצעמבער ביז'ן 3טען יאַנואַר זאָלען די קינדער פון די אַרבייטער־רינג שולען מאַכען געלד־זאַמלונגען פאַר די קינדער פון די אידישע שולען פון ליטא און פוילען.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען לעצטענס געהאַט אַ דזשאָינט מיטינג מיט דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אום זיך דורכצורעדען וועגען פּלענער פאַר דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען אין ניו יאָרק קאָנפערענצען פון באַאַמטע פון די ברענטשעס, אום מיט זיי זיך דורכצורעדען וועגען די ביידע קאַמפּיינס, אויסהערען זייערע פּלענער און דאדורך זעהן אויפצולעבען די אַקטיוויטעט אין די ברענטשעס.

פר. אב. עפּשטיין איז געווען אין באַלטימאָר און האָט דאָרט אַדרעסירט אַ דזשאָינט מיטינג און אַ מאַסענפאַרזאַמלונג. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען ביידע קאַמפּיינס און זיי אויפגעפאָדערט צו נעמען זיך צו דער אַרבייט מעהר ענערגיש. פריינד אַב. עפּשטיין איז איינגעלאַדען געוואָרען פאַר רעליעף־צוועקען אין קליוולאַנד. זייענדיג דאָרט, האָט ער אויך געטאָן אַרבייט פאַר'ן אַרבייטער־רינג; ער האָט אינסטאַלירט דעם נייעם קאַרל מאַרקס ברענטש, געהאַט אַ מיטינג מיט דער דיסטריקט קאָמיטע און זיך דורכגערעדט מיט די אַקטיווע טוער וועגען אונזער צוקונפטיגער טעטיגקייט. אין קליוולאַנד זיינען לעצטענס צוגעקומען עטליכע טוער, און עס איז צו ערוואַרטען, אַז דאָרט וועט דעם יאָר געטאָן ווערען גוטע אַרבייט פאַר ביידע קאַמפּיינס. זיי האָבען פאַרשפּראָכען צו שאַפען טויזענט נייע מיטגלידער פאַר'ן אַרבייטער־רינג און 5 טויזענט דאָלאַר פאַר'ן אַ.־ר. רעליעף־פאָנד.

פר. עבעריל האָט באַזוכט די ברענטשעס פון קאָלטשעסטער, נאָרוויטש, קאָנן., און ניו־לאָנדאָן.

פר. קרינסקי איז געווען אין אַסטאָריא, ל. איי., וואו עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ מאַס־מיטינג אין פאַרבינדונג מיט דעם קאַמפּיין. אָבער צוליב דער נאַכלעסיגקייט פון איניגע מיטגלידער פון דאָרטיגען ברענטש, איז דער מאַס־מיטינג ניט אָפּגעהאַלטען געוואָרען.

מאַס־מיטינגען ווערען אָרגאַניזירט אין סיראַקיוז און אין ראָטשעסטער, אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער.

די טאָראָנטאָ סיטי קאָמיטע אָרגאַניזירט אַ מאַס־מיטינג און פאַנגט אָן ענערגיש צו טאָן אַרבייט אויפצולעבען די דאָרטיגע ברענטשעס, אום בייצושטייערן זייער חלק צום מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זיי פאַרלאַנגען דורכאויס, אַז אַ פאַרטרעטער זאָל צו זיי קומען. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט צו שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער, וועלכער זאָל צו דער זעלבער צייט מאַכען אַלע נויטיגע פאַרבאַרייטונגען אין פאַרבינדונג פאַר אונזער קומענדער קאָנווענשאָן, און די הוצאות פון אַט דעם פאַרטרעטער זאָלען געדעקט ווערען פון קאָנווענשאָן פאָנד. עס ווערט באַשלאָסען די רעקאָמענדאַציע אָנצונעמען.

די פּיטסבורג דיסטריקט קאָמיטע האָט ערקלערט, אַז זיי וועלען האָבען אַ ספּעציעלען קאַמפּיין אין די שטעטלאך אַרום פּיטסבורג. זיי ווילען דאַרום האָבען אַ פאַרטרעטער צו באַזוכען די שטעט די ערשטע וואָך, ווען זיי וועלען ערעפענען דעם קאַמפּיין. אַט די אַרבייט זייערע וועט זיין פאַרבונדען מיט אַרום 500 דאָלאַר. זיי האָבען געבעטען, אַז מיר זאָלען פאַר זיי באַוויליגען 200 דאָלאַר און די איבעריגע סומע וועלען זיי אַליין דעקען פון דעם ספּעציעלען לאָקאַלען טעקס, וואָס די מיטגלידער צאָלען פאַר זייער דיסטריקט קאָמיטע. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באַוויליגען.

די האָדסאָן קאָונטי דיסטריקט קאָמיטע אָרגאַניזירט 5 מאַס־מיטינגען אין די שטעט פון זייער דיסטריקט, און האָט זיך געווענדעט, מען זאָל זיי העלפען אין דער אַרבייט או זאויך באַוויליגען פאַר זיי אַ געוויסע סומע צו דעקען די דאָזיגע אויסגאַבען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיי צו געבען 75 דאָלאַר.

די פּעטערסאָן דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל רופען ביי זיי אַ מאַס־מיטינג און קאָנצערט אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. זייער פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען. די פּעטערסאָן דיסטריקט קאָמיטע וועט אויך די טעג רופען אַ ספּעשעל קאָנפערענץ פון אַרבייטער־רינג ברענטשעס פאַר רעליעף־אַרבייט.

די וועסטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע האָט געמאָלדען, אַז זיי וועלען אָרגאַניזירען ספּעציעלע מיטינגען אין אַלע שטעטלעך פון זייער דיסטריקט, אום אויפצולעבען די אַרבייט פון די ברענטשעס און צוציהען נייע מיטגלידער.

די נאָרפאָלק דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט 150 דאָלאַר פאַר אַ מאַס־מיטינג און קאָנצערט. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע שרייבט זיך מיט זיי דורך וועגען דער אונטערנעמונג, דענקענדיג אַז 150 דאָלאַר איז אַביסעל צופיעל פאַר אַזאַ אונטערנעמונג אין נאָרפאָלק.

נייע ברענטשעס זיינען לעצטען מאָנאַט אינסטאַלירט געוואָרען: דער קאַרל מאַרקס ברענטש אין קליוולאַנד, דער וויליאַמסבורג ליטעראַרי סאָסייעטי אין ברוקלין, דער ברענטש פון יאַדאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.

פר. קרינסקי האָט אָפיציעל אינסטאַלירט די וויליאַמסבורג סאָסייעטי, און פר. עבעריל—די יאַדאָווער סאָסייעטי.

די פּאָוסטערס, ווי אויך די מעמאָראַנדום־ביכלעך, ווערען פאַנאַנדערגעשיקט צו די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ווי אויך צו די איינצעלנע ברענטשעס, און עס איז דאָ אויף זיי אַ גרויסער פאַרלאַנג.

פר. עבעריל איז געווען פאַרטראָטען ביי דעם יובילעאום־מיטינג פון בר. 74 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע.

בר. 878 און 528, פילאַדעלפיא, האָבען זיך געדאַרפט פאַראייניגען, נאָר צוליב דעם וואָס די אָרטיגע דיסטריקט קאָמיטע איז ניט געקומען צו דעם באַשטימטען אָוונט, ווען די פאַראייניגונג האָט געדאַרפט פאָרקומען, איז די פאַראייניגונג אָפּגעלייגט געוואָרען אויף אַ צווייטען מאָל און די ברענטשעס איז ערלויבט געוואָרען צו מאַכען די פאַראייניגונג אָהן פאַרטרעטער פון דער סיטי קאָמיטע. די אַרבייט פון דער פילאַדעלפיער דיסטריקט קאָמיטע איז לעצטענס בכלל אָפּגעשוואַכט. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט וואַרשיינליך צוליב דעם זיין פאַרטראָטען ביי זייערע קומענדע מיטינגען, אום צו זעהן אויסגלייכען אַט די מיספאַרשטענדניסען.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאַג אָוונט, דעם 7טען דעצעמבער.

---

די פאָרטזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג ווערט ערעפענט דינסטאַג אָוונט, דעם 7־טען דעצעמבער, מיט פר. אייבראַמס אַלס טשערמאַן. (דער טשערמאַן און וויים־טשערמאַן זיינען אבוועזענד און פר. אייבראַמס ווערט ערוועהלט אַלס צייטווייליגער טשערמאַן).

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. נעכאַמקין, מיטגליד פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע אינשורענס סאָסייעטי אין פאַלסבורג האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אַ טייל פון די סאַניטאַריום געביידעס אינשורען ביי זיי. דער פאַרמעגען פון דער אינשורענס סאָסייעטי באַטרעפט אַ גאַנץ אומבאַדייטענדע סומע. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז אונזערע געביידעס זיינען אינשורט אויף אַרום 200 טויזענט דאָלאַר, און מיר קאָנען ניט צעוואַרפען אונזערע אינשורענס איבער עטליכע פּלעצער.

בר. 280 האָט ערקלערט, אַז זיי קלייבען אַ ספּעציעלען פאָנד צו פאַראייביגען דעם נאָמען פון מאַקס פּערלאָוויץ. זיי האָבען געבעטען, אַז מיר זאָלען ערלויבען צו פאַרגרעסערן אונזער סאַניטאַריום ביבליאָטעק, און ערלויבען אַז די ביבליאָטעק זאָל טראָגען מאַקס פּערלאָוויץ'ס נאָמען. זיי וועלען זיין וויליג בייצושטייערן פאַר דעם צוועק טויזענט דאָלאַר. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג, נעמענדיג אין אַכטאַכט אַז מאַקס פּערלאָוויץ האָט אָפּגעגעבען יאָרען פון זיין בעסטער צייט פאַר דעם וואוילזיין פון סאַניטאַריום, פאַר די אינטערעסען פון אַרבייטער־רינג.

דער סאַניטאַריום־טאָג וועט אין ניו־יאָרק געפייערט ווערען דעם 20טען פעברואר. די לעקסינגטאָן אָפּערא הויז איז גענומען געוואָרען פאַר דעם צוועק, און פאָרבאַרייטונגען ווערען געמאַכט, אַז דער יום־טוב זאָל היינטיגען יאָר געפייערט ווערען דורך אַ גרויסען קלאַסישען קאָנצערט.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו העכערן דאָס געהאַלט פון דר. האַלפּערן אויף 200 דאָלאַר אַ יאָר. די סומע איז זיכער אַן אומבאַדייטענדע, נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די איבערגעבענהייט פון דר. האַלפּערן צו אונזער סאַניטאַריום און די צייט וואָס ער גיט אָפּ פאַר אונזער אנשטאַלט און פאַר אונזערע פּאַציענטען.

דער סאַניטאַריום־טאָג יום־טוב וועט אין סאַניטאַריום געפייערט ווערען דעם 5טען און 6טען פעברואר.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אויסצוגעבען אַרום 100 דאָלאַר אויף בילדער פאַר דעם עס־צימער פון די פּאַציענטען, פאַר דער וויי־טינג־רום פון האָספּיטאַל א. ד. ג.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

פריינד ישורין נעמט איבער די משער פון מיטינג.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. שפּייער, מעמבער פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז באַזוכען יענע ברענטשעס, וועלכע האָבען געצויגען מער בענעפיט ווי זיי האָבען איינגעצאָלט צום סיק־בענעפיט פאָנד האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג. פיל ברענטשעס חבען זאָגאַר באַדאַנקט די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע פאַר שיקען צו זיי פאַרטרעטער און ציהען זייער אויפמערקזאַמקייט דערצו. די בענעפיט קאָמיטע באַגרייפט, אַז עס איז מעגליך דאָס אַ ברענטש זאָל אַמאָל האָבען עטליכע כראָנישע קראַנקע מיטגלידער און זאָל אין אַ געוויסען פּעריאָד קריגען מער בענעפיט ווי ער צאָלט איין צום קראַנקען־בענעפיט פאָנד. ווען דאָס איז אָבער דער פאַל מיט אַ גאַנצע רייה ברענטשעס, איז דאָס זיכער ניט קיין נאָרמאַלער צושטאַנד. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די ברענטשעס, וועלכע מען האָט באַזוכט, וועלען יעצט זיין פאָרזיכטיגער אין פראַגען וואָס זיינען נוגע בע־נעפיט.

בר. 414, יאָנגסטאָן, אָהייאָ, האָט געבעטען, אַז מען זאָל באַזוכען זייערן אַ קראַנקען מיטגליד, וועלכער געפינט זיך אין בעטה דייוויד האָספּיטאַל. פר. מאָלאָט האָט אים באַזוכט, און אַ טעלעגראַמע איז גלייך אַוועקגעשיקט געוואָרען צו זיין פאַמיליע, לאָזענדיג זיי וויסען, אַז ער האָט געהאַט אַן ערפאָלגרייכע אָפּעראַציע.

בר. 221, דזשאַמעיקא, האָט געבעטען צו ערויבען זיי האָבען אַן אָרטיגען מעדיקאַל עקזאַמינער, ווייל עס איז זיי שווער צו פירען נייע קאַנדידאַטען אין ניו־יאָרק פאַר עקזאַמינייש‏אַן. די בענעפיט קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט פון ברענטש, אַז דער באַטרעפענדער דאָקטאָר זאָל צו־שיקען אויסקונפטען וועלכען אוניווערזיטעט ער האָט געענדיגט, ווען ער האָט גראַדואירט, מיט וועלכען האָספּיטאַל ער איז פאַרבונדען, און דאַן האַנדלען.

בר. 168, נוארק, האָט זיך געווענדעט וועגען פאָלגענדען פאַל: אַ מיטגליד פון בר. 397, פון ברידזשפּאָרט, קאָנג., איז קראַנק געוועזען אין נוארק און זיי האָבען צו אים אַטענדעט, נאָכהער אים אויסגעצאָלט פאַר 5 וואָכען בענעפיט. די סערטיפיקייטס האָבען זיי געשיקט צו בר. 397 צוצולייגען דעם זיגעל פון ברענטש און זיי געבעטען אַליין דאָס איבערגעבען צו בר. 168, אָדער צום דזשענעראַל אָפּיס. אָבער בר. 397 האָט די סערטיפיקייטס קיינמאָל ניט צוגעשיקט און דער אָפּיס האָט דארום בר. 168 קיין קרעדיט פאַר דעם בענעפיט ניט געגעבען. דער באַטרעפענדער מיטגליד איז דערווייל געשטראָכען געוואָרען אין אַרבייטער־רינג. בר. 168 טענה'ט, אַז זיי דאַרפען ניט ליידען פאַר בענעפיט, וועלכע זיי האָבען אויסגעצאָלט אויף אַ געזעצליכען אופן. אַ שטרענגער בריף איז געשיקט געוואָרען צו בר. 397, אָנפרעגענדיג וואָרום זיי איגנאָרירען דעם פאַרלאַנג פון בר. 168 און וואָרום זיי האָבען ניט געענטפערט דעם אָפּיס אויף די איניגע אָנפראַגען וואָס מען האָט ביי זיי געמאַכט וועגען דער אנגעלעגענהייט.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פר. אייבראַמס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די מיטגלידער פון דער אָפּיס קאָמיטע האָבען אין פאַרלויף פון לעצטען מאָנאַט באַזוכט אַ גאַנצע רייה ברענטשעס, וועלכע זיינען געוועזען הינ־טערשטעליג אין זייערע דיוס צום אָפּיס. לויט אונזער קאָנסטיטוציע קאָנען ברענטשעס בלייבען שולדיג ביז 10 פּראָצענט פון דער סומע וואָס זיי דאַרפען איינצאָלען אַ קוואַרטאַל. די דאָזיגע ברענטשעס זיינען אָבער געבליבען שולדיג אַ סך מער ווי 10 פּראָצענט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, איז אין פיעלע ברענטשעס געוועזען די שולד פון די באַאַמטע פאַר ניט מאַכען זייערע איינצאָלונגען אין אָפּיס אין צייט, און דאָס איז געוועזען צוליב דעם וואָס זיי זיינען געוועזען ניט גענוי באַקאַנט מיט די פירונגען פון אָפּיס. דאָס באַזוכען די ברענטשעס האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג און פיעלע פון זיי האָבען שוין געמאַכט טיילווייזע איינצאָלונגען.

דער אָפּיס האָט אַרויסגעשיקט אַ רעפערענדום צו די ברענטשעס פון טעקסאַס סטייט וועגען אַ פאַרטרעטער צו דער נאַצ. באָרד און די־רעקטאָרען. לויט די צאָל ברענטשעס איז זייער סטייט באַרעכטיגט צו האָבען אַ דירעקטאָר.

ווען אַ מיטגליד טראַנספערירט זיך פון איין קלאַס צום צווייטען,

זיינען זיינע צאָלונגען דאַן קאָמפּליצירט און עס איז מאָנכעס מאָ[ל] ניט אַזוי לייכט פאַר'ן סעקרעטער פון ברענטש אויסצורעכענען וויפיע[ל] אַזאַ מיטגליד דאַרף צאָלען פער קוואַרטאַל. עס איז באַשלאָסען גע[ווארען] וואָרען, אַז דער אָפּיס זאָל אין יעדען באַזונדערן פאַל אויסאַרבייטע[ן] די רייט און באַשטימען די עלטער, לויט וועלכער ער וועט דאַרפע[ן] צאָלען. דער אָפּיס וועט דאַן לאָזען וויסען דעם ברענטש, אַז דע[ר] באַטרעפענדער מיטגליד איז געראַייטעד לויט דער באַשטימטער עלטע[ר] און דער ברענטש וועט די רייט פון דער עלטער פאַרצייכענען אויפ[ן] לעדזשער פון דעם מיטגליד. דער סעקרעטער פון ברענטש וועט דא[ן] וויסען גענוי, אַז דער באַטרעפענדער מיטגליד צאָלט לויט דער רייט פו[ן] דער באַשטימטער עלטער.

ספּעציעלע מעמאָראַנדומס ווערען געדרוקט צו לאָזען וויסען ד[י] ברענטשעס וועגען יעדען פון אַזעלכע פאַלען.

דער „פאָרווערטס" האָט געלאָזט וויסען, אַז זיי האָבען לעצטע[ן] יאָר געהאַט אַ גרויסען דעפיציט אין דעם אויפהאַלטען פון דער „פאָר[ווערטס]"־געביידע, און זיי האָבען געבעטען, אַז מען זאָל פריווויל[יג] העכערן די רענט פון אָפּיס, ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס מיר האָבע[ן] אַ קאָנטראַקט אויף נאָך 2 יאָר. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו נעמע[ן] אי[ן] באַטראַכט זייער ערקלערונג און העכערן די רענט אויף [1]00 דאָלאַר אַ יאָר.

דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט וועט מען רעכענען פאַר זייער אָפּי[ס] 20 דאָלאַר אַ מאָנאַט רענט. דעם „פריינד" מיילינג דעפּאַרטמענט וועט מען יעצט רעכענען 75 דאָלאַר אַ קוואַרטאַל רענט, אנשטאָט 50 דאָלאַר ווי פריהער, ווייל מען האָט זיי געגעבען אַ פיעל גרעסערע רום.

דער ספּעציעלער אַסעסמענט פון 5 סענט פאַר'ן אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד וועט צוגעשטעלט ווערען צו די בילס פון 82טען קוואַרטאַל.

די יערליכע סטייטמענטס פאַר די אינשורענס דעפּאַרטמענטס פו[ן] די פאַרשידענע סטייטס וועלען דיזען יאָר געמאַכט ווערען אויפ[ן] זעלבען אופן ווי לעצטען יאָר — מיט פאָטאָגראַפישע קאָפּיעס פו[ן] מאַנכע טיילען פון די סטייטמענטס.

די „מאָדערן מעדיסין" האָט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקעל וועגע[ן] אונזערע בענעפיטס און געגעבען דעם אַרטיקעל אַ פּראָמינענטען פּלאַ[ץ]. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען איבערצודרוקען דעם אַרטיקעל מי[ט] אַלע טאַבעלען אין אַ באַזונדערן פּאַמפלעט.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## צושריפט

פון טאָראָנטאָ סיטי קאָמיטע — זיי בעטען צו שיקען אַ פאַרטרע[־] טער צו זיי אויף דעם 8טען און 9טען יאַנואַר, ווען זיי וועלען האָבע[ן] זייער מאַס־מיטינג אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, ו[ן] אויך אַ מיטינג פון דער דיסטריקט קאָמיטע. זיי דריקען אוי[ס] דעם פאַרלאַנג, אַז אויב מעגליך זאָל פר. באַסקין צו זיי קומען. פ[ר.] באַסקין ווערט ערווועהלט צו זיין ביי זיי פאַרטראַטען.

---

וועגען פאַרלאַנג פון בר. 87 (זעה רעפּאָרט פון מיטינג פון 5טע[ן] דעצעמבער) ווערט באַשלאָסען צו בעטען דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענ[ט] צו שיקען צו אונז אַ קאָמיטע צו געבען אַן ערקלערונג וועגען דע[ר] אנגעלעגענהייט.

---

וועגען מעדיקאַל דעפּאַרטמענט. — פר. קאַצענבערג ערקלערט, אַ[ז] די העכערונג פון 20 סענט פער קוואַרטאַל איז ניט געמאַכט געוואָרע[ן] בלויז צו העכערן דאָס געהאַלט פון די דאָקטוירים, נאָר אויך צו מאַכע[ן] אַראַנזשמענטס מיט פּראָפעסאָרען־ספּעציאַליסטען, צו אָרגאַניזירע[ן] אַ דענטאַל קליניק, צו דעקען די אויסגאַבען פון דעם דעפּאַרטמענ[ט] אַליין א. ד. ג. ער זאָגט, אַז דער קאָנטראַקט פון דעם דעפּאַרטמענ[ט] מיט די דאָקטוירים ענדיגט זיך אין יאַנואַר 1921, פאָלגליך האָט דע[ר] דעפּאַרטמענט ניט געפונען פאַר נויטיג אַזאַ העכערונג פאַר דער צײ[ט], בפרט ווען די דאָקטוירים האָבען ניט פאַרלאַנגט די העכערונג פריהע[ר]. פר. גאָלדין, צווייטער פאַרטרעטער פון דעפּאַרטמענט, זאָגט, אַז ער פּע[ר]זענליך איז מיט דער מיינונג, אַז דער דעפּאַרטמענט דאַרף האָבען [אַ] געוויסען פאָנד צו קענען אָנפירען די אַרבייט. דער מעדיקאַל ד[עפּ]אַרטמענט האָט די גאַנצע צייט געמוזט לייהען געלט ביי איינצעל[נע] מיטגלידער פון דעפּאַרטמענט צו קענען אָנגעהן מיט דער אַקטיוויטע[ט]. פר. וואָלאָס, געוועזענער מיטגליד פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, דענק[ט] אַז דער דעפּאַרטמענט האָט געמאַכט אַ פעלער דערמיט, וואָס ער האָ[ט] ניט געלאָזט וויסען די ברענטשעס פאַר וואָס פאַר אַ צוועק די דאָזיג[ע] 20־סענטיגע וועלען באַנוצט ווערען. ער באַשטעטיגט, אַז ביי דע[ר] לעצטער קאָנפערענץ פון דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט פר. העסק[ין] און ער אָנגעדייטעט, אַז מען דאַרף העכערן דאָס געהאַלט פון די דאָ[ק]טוירים, און דאָס איז געוועזען איינע פון די אורזאַכען וואָרום עס א[יז] פאַרלאַנגט געוואָרען צו העכערן די דיוס אויף 20 סענט אַ קוואַרטאַ[ל].

די שטעלונג פון דעם דעפּאַרטמענט ווערט ברייט דיסקוטירט. פ[ר.] ישורין, טשערמאַן, זאָגט, אַז די עקזעקוטיווע קאָמיטע קאָן ניט ערמ[ו]טיגען אַרבייטער־רינג אינסטיטוציעס צו מיסברויכען דעם צוטרוי פ[ון] אונזערע מיטגלידער. ער רולט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט ז[אָל] זיין פאַרפליכטעט צו רופען אַ קאָנפערענץ פון די ברענטשעס, וו[אָס] זיינען אין דעם דעפּאַרטמענט אַנגעשלאָסען, אין פאַרלויף פון 6 וואָכ[ען] צייט, און איבערגעבען די דאָזיגע פראַגע צו דער קאָנפערענץ צו ענ[ט]שיידען. די רולינג פון טשערמאַן ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען צו דער ביפעלם רעליעף קאָמיטע א טשעק איף 50 טויזענד דאָלאר.

עס ווערט באשלאָסען צו ערוועהלען א סעקרעטער נאמינײשאן קאָמיטע פון 3. אין דער קאָמיטע ווערען ערוועהלט פריינדע ישורין, יאקאבי און ליטאווער.

פ. געליעבטער,
רעקארדינג סעקרעטער.

---

### פעלער־אויסבעסערונג

1) אינ'ם רעפאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. זאָר'ן מאָנאט אָקטאָבער 1920 (זעה „פריינד" פון יאנואר 1921, זייט 24) לעזט זיך, אז די בענעפיט פון א געוועזענעם מיטגליד פון בר. 332 איז צוריקגעוויזען געוואָרען אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דער שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע א. ד. ג. עס דאַרף זיך לעזען, אז דיזע בענעפיט איז צוריקגעוויזען געוואָרען, שטיצענדיג זיך אויף אויפ'ן באריכט פון דער שיקאַגאָ דיסט. קאָמיטע.

2) אינ'ם רעפאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמ. פאַר אָקטאָבער 1920 (זעה „פריינד" פון יאנואר 1921, זייט 24) לעזט זיך, אז דער פּלאַן איז צו רעקאָמענדירען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן צו העכערן די קראַנקען־בענעפיט פון 6 אויף 7 דאָלאר א וואָך. עס דאַרף זיך לעזען פון 6 אויף 9 דאָלאר א וואָך.

---

## פון מאָנאט צו מאָנאט

(ענד פון זייט 4)

**פאַר אָפענע טירען**

אונזער שטאַנדפּונקט אין דער אימיגראַציאָנס־פראַגע נויטיגט זיך נישט אין קיינע פּירושים. צום גליק זיינען פאראַנען צווישען אידען אין אלגעמיין און צווישען אידישע ארבייטער איבערהויפּט ווייניג אנהענגער פון פאַרמאַכטע טירען און דאָס ביסעל וואָס איז דאָ זיינען נישט קיין אידען אין דעם אייגענטימליכען זינען פון וואָרט. עס איז דאריבער קיין וואונדער נישט, וואָס די הויפּט־באַקעמפער פון די אימיגראַציאָנס־גזירות פאַר די פאָלקס־הערונגען אין וואשינגטאָן פון דער סענאַט קאָמיטע זיינען געוועזען אידען און אידישע ארבעטער־פאָרשטעהער. עס פאַרשטעהט זיך, אז ביי אָט דער וויכטיגער „הירינג", וואו די שונאים פון אימיגראַציע האָבען געכאַפּט די גרעסטע מפּלה, איז אויך געוועזען פאַרטראָטען דער א.־ר. פריינד ע. י. ישורין, דער נאַציאָנאַלער טשערמאַן פון א.־ר., האָט אין נאָמען פון אונזערע 83 טויזענד מיטגלידער ענערגיש פּראָטעסטירט געגען אלע אימיגראַציאָנס־גזירות.

* * *

**די „פריינד" יובילעאומס**

לכבוד דעם צעניעריגען יובילעאום פון „פריינד" זיינען אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטען געוואָרען צוויי גראַנדיעזע פעסט־אָווענטען פאַרבונדען מיט קאָנצערטען. איינער דאַון־טאַון, אין מאַנהעטען ליסעאום, און דער צווייטער אין בראָנזווילער לייבאָר ליסעאום. די אונטערנעמונגען זיינען געוועזען אזוי געפּאַקט, אז הונדערטער מענשען האָבען געשטורעמט די טירען און שוין מער נישט געקאָנט אריינגעהן. די אונטערנעמונגען זיינען אראַנזשירט געוואָרען פון ניו־יאָרקער שטאַטישען בילדונגס־קאָמיטעט. מיר הערען, אז אויך אין איניגע אַנדערע שטעט גרייט מען צו אזעלכע יובילעאומס. עס וואָלט געוועזען זעהר פּאַסענד, אז די איינ־

קונפטען פון אזעלכע אונטערנעמונגען זאָלען געהן פאַר דעם שול־רעליעף־פאָנד, וואָס די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געעפענט.

די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זיך יעצט ענערגיש גענומען אריינצוברענגען מער אָרדענונג אין דעם מיילינג דעפּאַרטמענט פון „פריינד". זאָלען אלע בראַנטשעס, וואָס האָבען זיך צו באַקלאָגען אויף דעם מיילינג דעפּאַרטמענט, אריינשיקען זייערע קלאָגען און עס וועלען אָנגענומען ווערען מיטלען אלץ אויסצובעסערן אזוי שנעל ווי נאָר מעגליך.

* * *

די א.־ר קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי וואַרפט אָן א שרעק נישט נאָר אויף די פּראָפיטירער און ביזנעס־שניידער, נאָר אויך אויף די האַלב־געבאַקענע סאָציאַליסטען און גאַנץ־געבאַקענע נאַראָנים . . .

* * *

*גאָווערנאָר מילער פון ניו־יאָרק סטייט איז אזוי זיכער, אז דאָס פאָלק וויל ליבערשט צאָלען 8 סענט קאַר־פער אנשטאט 5, אז ער איז גרייט איינצושטעלען אין א וועט די גאַנצע סטייט־טרעזשורי. . . .

---

## פאַרלאָזט ניט דעם ארבייטער־רינג!

### פאַרלירט ניט די געלדער, וואָס איר האָט שוין איינגעצאָלט

דאָס ערגסטע וואָס איר קענט מאַן זיך אליין איז צו לאָזען זיך שטרייכען פון דעם ארבייטער־רינג, וואו איר האָט א לענגערע צייט געצאָלט דיוס און אסעסמענטס. באזונדערס איז דאָס אזוי ווען איר טוט דאָס דורך נאַכלעסיגקייט אָדער גלייכגילטיגקייט.

קיין מענש קאָן ניט וויסען ווען קראַנקהייט אָדער טויט וועט אים טרעפען. ליידער זיינען דאָ צופיל מענשען וואָס מיינען, אז זיי זיינען מיוחסים און וועלען זיך אויסדרייען פון די געוויינליכע מענשליכע אומגליקען. אָבער יעדער איינער מיט ערפאַרונג ווייסט ווי אָפט עס שפּילען זיך אָפּ טראַגעדיעס צ.ליב אזא איינבילדונג. ווי אָפט טרעפט עס, דאָס נאָכדעם ווי איינער האָט יאָרען לאַנג באַצאָלט צו אַן אָרדען און איז די גאַנצע צייט אפילו איין טאָג ניט קראַנק געוועזען, לאָזט ער זיך שטרייכען און ווערט דערנאָך פּלוצלונג געטראָפען פון א שרעקליכער קראַנקהייט אָדער גאָר פון טויט! ווי פילען דאַן זיינע קרובים, זיין פאַמיליע, די יעניגע, וועלכע זיינען מיט זייער עקזיסטענץ אָפּהענגיג פון אים? קאָנט איר זיך פאָרשטעלען דעם בראָך, דעם אומגליק, די צרות וועלכע דאָס ברענגט מיט?

אייער מיטגלידערשאַפט אין ארבייטער־רינג איז געוועזען א גוטע זאַך פאַר אייך און אייער פאַמיליע. אויסער די בענעפיטס זייט איר דורכ'ן ארבייטער־רינג געוועזען פאַרבונדען מיט דער גרויסער באַוועגונג, וועלכע שטרעבט צו מאַכען די גאַנצע וועלט בעסער און דאָס לעבען פון יעדען איינעם אנגענעמער. אויב איר סימפּאַטיזירט מיט דער באַוועגונג, דאַרפט איר זעהן בלייבען א מעמבער אין ארבייטער־רינג און מאַן דאָס בעסטע צו מאַכען אים שטאַרקער און איינפלוסרייכער ווי ער איז. דערמיט וועט איר מאַן אייער פליכט צו זיך אליין, צו אייער פאַמיליע, צו אייער קלאַס און צו די העכערע אינטערעסען פון דער גאַנצער מענשהייט.

### ווערט גוט־שטעהענד אין ארבייטער־רינג!

---

...ווערטער רעדאַקטאָר פון „פריינד":

איך וויל אייך בעטען צו פאַרעפענטליכען אין „פריינד" פאָלגענדעס:

אין אונזער בראַנטש 474 האָבען מיר אַן אַלטע ביי־לאָא, אז צושטייערן פאַר ... אהן דעם זיגעל פון בראַנטש נעמען מיר ניט אין אנבאַטראַכט. ליידער קומען אָבער די מעהרסטע לעטערס אָהן דעם זיגעל פון בראַנטש. מיט באַדויערען מוזען מיר ... מאָל די לעטערס צוריקשיקען. די כוונה פון דער ביי־לאָא איז געוועזען, דאָס שווינדלערס זאָלען זיך ניט קענען באַנוצען מיט דער געלעגענהייט ארויסצוקריגען געלט פון ... בראַנטשעס. אלזאָ אונזער מאָטאָ איז:

ווילט איהר קריגען געלט, ליגט צו דעם זיגעל פון בראַנטש.

מ. חיממעל, סעק.

---

## בריף־קאַסטען

מ א ר ק מ ז ו ע ר ס ק י: ווערענס שולד איז עס? איר דאַרפט וויסען וואו עס נעמט זיך דער גענעראַל־אָפיס און ממילא שוין אויך וואו עס איז די רעדאַקציע. יעצט איז עס שוין צו שפּעט, אז מיר זאָלען עס דרוקען נאָך 5 חדשים לינען אין פּאָסטאָפיס.

ש ל ס ח פ.: יונגענט איז אפילו א גרויסע מעלה צו א שידוך — און עס איז גלאַט איינע פון די בעסטע צייטען פון מענשליכען לעבען, אָבער דאָס איז נאָך נישט גענוג, אז מיר זאָלען דרוקען פולשטענדיג אומצייטיגע זאַכען.

א ז א מ ר י ק א נ ע ר: נערענט, מיר האַבען אייך מאַקע נישט נעדאַרפט אזוי לאַנג אָפּהאַלטען מיט אַן ענטפער, אָבער גלויבט אונז וואַרעמער פריינד, אז אייער מאַנוסקריפּט איז נישט דער איינציגער, וואָס ווערעמט זיך אין אונזער רעדאַקציאָנס־שופלאַד.

מ ש ע ר ל ז ש ל י א ם: א חלום איז ... מאַקע א גאַנץ זיסער, אָבער ער איז נאָר אינטערעסאַנט פאַר דעם, וואָס האָט אים אליין אויסגעחלומ'ט. מיר דרוקען נאָר זאַכען פון אלגעמיינעם, אָדער קינסטלערישען, אינטערעס,

# טרויער רעזאָלוציעס

מיר ווארפען אהער
א זורינע טרער
און לייגען א קראנץ אייך פון בלומען...

און בויגען דעם קאפ
אין טרויער אראפ
אין צער, אין טיפען, אין שטומען...

## וואס האבען מיר פארלארען מיט דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער טייערן פריינד. א. ראסקין

פון י. גינזבורג, מילוואקי, וויס.

עס איז שווער, זעהר שווער און וועה צוצוגעוואוינען זיך צום געדאנק, אז עס איז שוין אוועק באלד א מאנאט, אז אונזער געטרייער איבערגעגעבענער גוטער פריינד און חבר א. ראסקין ליגט אין פינסטערן קבר, אין דעם גרוב פון אייביגקייט. עס איז זיך טרויעריג פארצושטעלען, אז מער וועלען מיר שוין ניט הערען זיין ווארים ווארט, ניט באגעגענען זיך מיט זיין ליבען שמייכעל. פריינד א. ראסקינס טויט איז א שרעקליכער פלוצלונגער קלאפ ניט נאר פאר די אינטימע פריינד וואס האבען געקענט ראסקינען און האבען געוואוסט זיין ברייטע טיפע הארץ, זיין גרויסע נשמה און זיין אפענע האנט צו יעדער זאך וואס האט נאר געטראגען דעם כאראקטער פון העלפען די ארבייטער־מאסען, דעם געדאנק צו העלפען די אונטערדריקטע אנצופירען דעם קאמף געגען זייערע אונטערדריקער, נאר סיי די אינטימע פריינד, סיי די ארגאניזאציעס אין וועלכע ראסקין איז געווען א מיטגליד. און דערביי איז ווערט צו דערמאנען, אז א. ראסקין איז קיינמאל ניט געווען קיין מעמבער פון וועלכער עס איז ארגאניזאציע וואס זאל זיין נאר פאר פלעזשור אדער פאר איינצעלנע, נאר ראסקין האט בעלאנגט צו די פאלגענדע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען פאר זיך אנגעצייכענט דעם [illegible] צו באפרייען די מענשהייט פון שקלאפעריי: דער "ארבייטער־רינג" אין מילוואקי האט מיט ראסקינס טויט פארלארען איינעם פון זיינע בעסטע טוער. ראסקין איז געווען א נאציאנאלער באארד אף דירעקטארס מיטגליד, האט גענומען וואונדערליכע ארבייט. ער איז געווען סעקרעטאר פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע אויף וויסקאנסין סטייט. ער האט דורך זיין צייט ארגאניזירט אייניגע נייע בראנטשעס. ראסקין האט זיין גאנצע ענערגיע איבערגעגעבען פאר דער שייגער ארבייטער־ארגאניזאציע.

פריינד א. ראסקין איז אויך געווען א מיטגליד אין דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע און [illegible] אין מילוואקער אידישען סאציאליסטישען בראנטש, און דער בראנטש האט דורך ראסקינס טויט פארלארען איינעם פון זיינע בעסטע איבערגעבענסטע גענאסען. די מילוואקער עזרת, [illegible] אין די פאראייניגטע רעליעף קאמיטע, מיט [illegible] ראסקין איז געווען פארבונדען פון דעם [illegible]טען טאג זינט די ארבייט פאר די מלחמה־ליידענדע האט זיך אנגעפאנגען, האט אויך דירעקט פארלארען איינעם פון אירע בעסטע פילענדע מענשען. ראסקין האט זיין גאנצע צייט אפגעגעבען צו דער נאבעלער ארבייט. אינדירעקט האבען אויך די אידען איף יענער זייט ים פארלארען זעהר פיל. און ווען צו פר. ראסקינס לוית, דעם 9טען יאנואר, זיינען געקומען זיינע פריינד אים באגלייטען צו זיין אייביגער רוה, האבען אלע געפיהלט אז א שווארצער וואלקען האט זיך אראפגעלאזט און א שטארקער דונער האט געטראפען דער שטאט מילוואקי און האט אוועקגענומען איינעם פון די בעסטע. פינף טויזענד מענשען זיינען אנוועזענד געווען צו דער לוית און אלע האבען ווי קליינע קינדער געוויינט. לאנג, לאנג וועט מילוואקי ניט פארגעסען פר. א. ראסקין. ער איז געווען אן איבערגעגעבענער פריינד, חבר, מענש און א טרייער פאטער צו זיין פרוי קינד.

גענ. ראסקין האט איבערגעלאזען א גוטען נאמען און דאס איז א גרויסער טרייסט פאר זיין פאמיליע. פאר דעם שרייבער פון די צייל‍ען איז אפגעשטארבען איינער פון זיינע בעסטע אינטימסטע פריינד. און דארום דריקען מיר אויס אונזער פולע סימפאטיע צו די טרויעריגע ליידען פון זיין פרוי און קינד. עהרע זיין אנדענקען!

גענ. ראסקין איז באפאלען געווארען פון רויבער אין זיין סטאר מיט 4 וואכען בעפאר זיין טויט און איז שטארק צעשלאגען געווארען, און זייט דאן האט ער זיך ניט געקענט ערהאלען און איז געשטארבען. ער איז געשטארבען פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג, וועלכע בעשאפט אט די מערדער, וואס קיין מענשליך לעבען שפילט מער קיין ראלע ניט. אבער דא וויל איך זאגען די ווערטער וואס פר. א. ראסקין האט געזאגט אויף א לויה פון אונזערן א פריינד, וואס איז געשטארבען פון דער מלחמה, אז זיי, די קאפיטאליסטען, מעגען ערמארדען טויזענדע פון אונז, און מיר וועלען ניט אויפגעבען אונזער גערעכטען קאמף פאר א בעסערער און שענערער וועלט, וואו די מענשליכע לעבענס זאלען ניט זיין הפקר.

---

ביי אונזער ספעציעלער פערזאמלונג, פרייטאג אווענט, דעם 17טען דעצעמבער, האט אונזער בר. 3, איינער פון די עלטסטע ברענטשעס אין ארבייטער־רינג, באדויערט דעם פלוצלונגען טויט פון דר. קלימענקא אלס א גרויסער פארלוסט פאר דעם ארבייטער־רינג בכלל און פאר אונזערע מיטגלידער בפרט. מיר וועלען קיינמאל ניט פארגעסען זיין גרויסע און מענשליכע ארבייט, וואס ער האט געלייסטעט פאר דער צייט וואס ער איז געווען מיט אונז. עהרע זיין אנדענקען!

בר. 3 א.־ר. ר. סאק, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 411 א.־ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און באוואוסטען כלל־טוער דר. קלימענקא, אויך אונזער פולע סימפאטיע צו זיין יונגער אלמנה און קינדער און אויך צו זיין גאנצער משפחה.

סעם בלאווסאן, סעק. פון בר. 411 א.־ר.

---

מיט שמערצליכע הערצער און געבויגענע קעפ שטעהען מיר, די מעמבערס פון בר. 40 א.־ר. איבער דעם פרישען קבר פון אונזער פריינד דזש. ראזען, וועלכער איז פון אונז אזוי אונערווארטעט און פריצייטיג אוועקגעריסען געווארען.

אונזער וואונש און טרייסט צו דער פאמיליע איז, אז די צייט זאל היילען זייערע וואונדען, וואס זיינען געמאכט געווארען דורך אונזער אלעמענס פארלוסט.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 40 א.־ר., באדויערן זעהר דעם פריצייטיגען און אונערווארטעטען טויט פון אונזער אלעמענס באליבטען און פיל־געאכטעטען דר. ה.ק לימענקא, וועלכער האט אזוי פיל גוטעס געטאן פאר דער מענשהייט בכלל און פאר די מיטגלידער פון א.־ר. בפרט. זאל דער געדאנק, אז דער פארשטארבענער האט ביי זיין לעבען זיך ערווארבען אזא שעצונג פון אזוי פיל אונצייליגע פריינד זיין א טרייסט פאר זיין פרוי און קינדער.

ברענטש 40 א.־ר., נ. י.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 136 א.־ר. דריקען אויס טיפען באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מעמבער פריינד וויליאם ראזוילאנסקי און מיטגעפיהל צו זיין פרוי, קינדער און פאמיליע.

מאקס וואלדמאן, האספיטאלער בר. 136.

---

מיר, די מעמבערס פון שריוופארט בר. 415 א.־ר., באדויערן זעהר פון טיפסטען הארצען דעם פארלוסט פון אונזער פריינד סעם נאלדבערג, געשטארבען דעם 23טען דעצעמבער אין אלטער פון 45 יאר. אויך דריקען מיר אונזער טיפסטע סימפאטיע צו זיין פאמיליע און קינדער און מיר ווינשען זיי פון טיפען הארצען אז די צייט זאל היילען זייערע שרעקליכע וואונדען און מיר פארפליכטען זיך מיטצוהעלפען זיי אין אלע ניביטען.

מ. וויינגער, פינ. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון אלאנאווער בר. 148 א.־ר., באדויערן שטארק דעם פריצייטיגען טויט פון פריינדין אסתר ראטהפלייש. גלייכצייטיג דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיהל צו פר. מאקס ראטהפלייש. נישט פאראן גענוג ווערטער צו טרייסטען דעם שרעקליכען פארלוסט וואס ער האט געליטען פארלירענדיג מיט איין מאל זיין יונגע געליבטע פרוי צוזאמען מיט דע ערשטען געבוירענעם קינד. מיר ווינשען אז די צייט וועלכע היילט אלע שמערצען זאל אויך היילען דעם גרויזאמען וואונד.

סעם ספרונג, סעק.

---

מיט טיפען טרויער באדויערן מיר דעם טויט פון אונזער מיטגליד רובין טייטעל, וועלכער איז מיט א טראגישען טויט געשטארבען פרייטאג דעם 7טען יאנואר.

מיט דירעקטען שמערץ פיהלען מיר מיט מיט זיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער און גאנצער פאמיליע דעם שמערצליכען פארלוסט פון זייער יונגען זון.

ס. ראזענטהאל, סעק. א.־ר. כאר בר. 625

מיט טיפען טרויער און שמערץ באדויערן מיר דעם טויט פון אונזער אלעמענס באליבטען פריינד און מיטגליד פיליפ מארין, וועלכער איז מיט אזא יונגען טראגישען טויט געשטארבען דאנערשטאג דעם 20טען יאנואר.

אונזער טיפסטע סימפאטיע דריקען מיר אויס צו זיין פאמיליע.

ס. ראזענטהאל, סעק. א.־ר. כאר בר. 625

מיט טיפען שמערץ און טרויער באדויערן מיר דעם גרויסען פארלוסט וואס אונזער פיל־געאכטעטער און באליבטער דיריגענט און מיטגליד פר. מ. פאזנער האט געהאט, פארלירענדיג זיין געליבטע מוטער, וועלכע איז געשטארבען לעצטען זונטאג.

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו אים און די גאנצע פאמיליע.

ס. ראזענטהאל, סעק. א.־ר. כאר בר. 625

---

מיר, די מעמבערס פון "ראדיקאל סוירקעל און קעפמייקערס" בר. 72 א.ד., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון מאלכי פישעלמאן, טאכטער פון פר. מאררים פישעלמאן, געשטארבען פון פארברענונג.

מיר ווינשען דעם פריינד ער זאל מער קיין אומגליקען נישט האבען אין זיין פאמיליע.

פאלאמאן הענרטעג, רעק. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בערדיטשעווער בר. 45 א.־ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינד דזשעשוואלאף, געשטארבען אין עלטער פון 39 יאר. צו דער זעלבער צייט דריקען מיר אויס אונזער סימפאטיע־מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינדער.

רזשייקאב נארפיין, פינ. סעק.

---

מיר באדויערן שטארק דעם פארלוסט פון אונזער באליבטען מעמבער און פר. וויליאם פלאטע[...]. די פראלעטארישע קראנקהייט האט זיין יונגען לעבען אפגעשניטען אין זיין ערשט בליהענדע יוגענט. נאך איין אפפער פון דער פארפלוכטע[...] קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. מיר דריקען אוי[ס] אונזער מיטגעפיהל צו זיין פרוי און קינדער או[...] זייער גרויסען פארלוסט.

ארבייטער רינג קלאב פון וואוסטער, מאס.
ל. לעסין און קראוויץ, רעו. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 895 א.־ר., רא[...]איילאנד, איל., דריקען אויס אונזער טיפסט[ען] טרויער און מיטלייד צו אונזער ליבען פריינ[ד] נייטהען קאפלאן, אויף זיין גרויסען פארלוסט וו[אס] דער גרויזאמער טויט האט פריצייטיג אוועקג[ע]רויבט פון אים זיין געליבטע פרוי.

אייב ווערניק, סעק. בר. 395 א.־ר.

# דאַנק רעזאָלוציעס

שעדליצער בר. 53 א.־ר. דריקט אויס זיין אנערקענונג און דאנקבארקייט צו איר בר. דר. סטרק קאהן, 148 וו. 118טע סט., פאר זיין טרייער און איבערגעגעבענער ארבייט צו די קראנקע מעמבערס פון ברענטש פאר די לעצטע 8 יאר.

שעדליצער בר. 53 א.־ר., ברוקלין.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאנק צו אונזערע מעמבערס, פריינדע גענאסקין און גורעוויטש, וועלכע געפינען זיך יעצט אין פילאדעלפיא, פאר זייער גוטער ארבייט וואס זיי האבען געלייסטעט צו אונזער ברענטש. מיר ווינשען זיי ערפאלג אין אלע זייערע אונטערנעמונגען, און אויך צו אונזער פריינד ק. ליבמאן, וועלכער געפינט זיך יעצט אין ניו־יארק. פריינד ליבמאן איז ביי אונז געווען א לאקאלער מעמבער, נאר ארבייט האט ער געטאן ווי א רעגעלער מעמבער. מיר דאנקען אים און ווינשען אים גליק.

רעז. קאם. בר. 292 א.־ר., רעדינג.
ה. בישלאוויץ, סעק.

---

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אונזער פר. דר. בראבינער האט איבערגענומען דעם ברענטש אין א קריטישער צייט, ווען א שרעקליכע עפידעמיע האט געהערשט, און אין אנבאטראכט אז פאר דער צייט וואס ער איז דאקטאר פון אונזער ברענטש האט ער געלייסטעט די בעסטע דינסטען צו די מעמבערס, וואס איז נאר מעגליך געווען אונטער די אומשטענדען, דעריבער דריקען מיר אויס אונזער פולען צופרידען, אנערקענונג און דאנקבארקייט צו אונזער פר. און דר. בראבינער פאר זיינע דינסטען, און האפען אז אויך אין דער צוקונפט וועט ער טאן פאר די מעמבערס פון אונזער בר. דאס בעסטע וואס עס וועט זיין מעגליך אונטער די אומשטענדען.

רעז. קאם.: מאקס שפיצבארד [illegible]
רוש [illegible]פא, סעק.

---

א גוטער ביישפיל פאר סעקרעטערע פון א.־ר.

אין בר. 40 א.־ר. איז שבת דעם 4טען דעצעמב. געווען וואהלען פאר באאמטע, און ווען עס איז געקומען צו וועהלען א פינ. סעק. האט מען נאטירליך נאמינירט פר. רזשייקאב בראנשטיין, וועלכער איז ביי אונז שוין פון א לענגערע צייט אין דעם אמט, און עס איז אויך גלייכצייטיג פארגעבראכט געווארען די פראגע וועגען חעכערן דאס געהאלט פון פינ. סעק. אויף דעם גרונד פון דעם צואוואוקס פון מעמבערשיפ אין אונזער לאקאל. א פארשלאג איז געמאכט געווארען פאר דעם צוועק און דער בר. האט נאטירליך דאס אנגענומען. פר. בראונשטיין האט גענומען דאסווארט און ערקלערט, אז ער וועט דעם רעיז נים אננעמען, ווייל דאס וואלט געהאלפען צו חעכערן די צאהלונגען פון די מעמבערשיפ. אויך האט ער אנגעדייטעט, אז זייענדיג איינער פון די הויפט־זיילען פון בר. איז ער פאראינטערעסירט אויף אזוי פיל צו העלפען, אז די בילס זאלען זיין וואס קלענער און דערמיט לייכטער צו מאכען פאר די מעמבערס. די מיטגלידער, איינזעהענדיג אז פר. בראונשטיין איז ערנסט און פראקטיש אין דעם, האבען דארום געענדערט דעם באשלוס און געפאסט די פאלגענדע רעזאלוציע:

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז פר. בראונשטיין איז דער סעקרעטער אין בר. 40 שוין א לענגערע צייט, און נעמענדיג אין אנבאטראכט דאס פר. בראונשטיין איז איבערגעגעבען צו זיין אמט מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט, איז עס דארום באשלאסען, דאס בר. 40 א.־ר. דריקט אויס זיין אינניגסטען דאנק צו פר. בראונשטיין פאר זיין איבערגעבענהייט און גוטע ארבייט און ווינשען אים געזונד און אלעס גוטעס, און האפען אז ער וועט אנהאלטען דעם אמט פאר א לאנגער צייט מיט דער זעלבער איבערגעבענהייט.

ברענטש 40 ארב. רינג.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 354, דריקען אויס אונזער הארצליכען דאנק פאר דער פינקטליכער און געטרייער ארבייט פון דעם געוועזענעם טרעזשורער פון ברענטש, פר. ה. קעסעל, און מיר האפען, אז ער וועט אויך ווייטער פארטזעצען צו זיין א ואיבערגעגעבענער טוער פאר'ן ארבייטער־רינג.

אלעקס אלפעראוויץ, סעק. בר. 354.

---

מיר דריקען אויס אונזער דאנקבארקייט און אנערקענונג צו אונזער פינאנץ סעק. פ. א. טאוב פאר זיין גוטער ארבייט, וואס לויט דעם רעפארט פון דער פינ. קאם. זיינען די ביכער געפונען געווארען אין בעסטען ארדנונג אין אלע הינזיכטען. בעסער איז אוממעגליך צו ערווארטען.

---

## דאנק צו דער סיטי קאם. פון סט.־פאול

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די סיטי קאמיטע פון א.־ר. טוט זעהר נוצליכע און גוטע ארבייט פאר די 2 ברענטשעס א.־ר. און ליידיס אוקזילערי, און אז די סיטי קאם. שטרענגט זיך אן דורכצופירען עדיוקיישאנאל מיטינגס וואס אפטער און האט ערפאלג אין איר ארבייט, דאנקען מיר אין נאמען פון בר. 578 די סיטי קאם. פאר איר גוטער ארבייט און ווינשען איר ערפאלג אין איר ווייטערדיגער טעטיגקייט. די פארטרעטער צו דער סיטי קאם. זיינען פר. ל. ליוויי, גאלדשטיין, ראטשטיין, נייטען ווארד, ליעבערמאן און סערלין.

אין דער זעלבער צייט דאנקען מיר די פריינדע מארים לייטצער, עסלער, מילער, סערלין און מארים טשערנאוו פאר זייער גוטער ארבייט פאר דעם רעזעל. מיט זייער איבערגעבענהייט האבען זיי געמאכט דעם ראפעל פאר אן ערפאלג.

די פרעס קאמ.: א. גודמאן און א. אייזענבערג.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 292 א.־ר., פון רעדינג, פענסיל., בעדאנקען דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פאר'ן שיקען אזעלכע רעדנער ווי פריינד ראטסמאן. ער האט ביי אונז געלעקטשורט איבער דער אידען־פראגע. מיר, די מעמבערס, זיינען געווען חעכסט צופרידען און מיר ווינשען פריינד ראטסמאנ'ען דעם בעסטען ערפאלג אויף ווייטער.

אויך בעדאנקען מיר פריינד שלום אש פאר זיין פארלעזונג דעם זעלבען אווענט.

ה. בישלאוויץ, סעק.

---

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אונזער פינ. סעק. מ. לעווין האט געטוט רעזיגנירען פון זיין אמט צוליב געשעפטליכע ראנגעלעגענחייט, און באדויערענדיג, וואס מיט דעם פארלירען מיר א גוטען סעקר., האפען מיר אלע מעמבערס, אז נים זייענדיג קיין באאמטער, וועט ער דאך קענען אפגעבען אבסילע צייט פון זיינע ביזנעס פאר דעם וואהל און בעסטען פון בר. און דעם א.־ר. אין אלגעמיין. מיר ווינשען אים פיל גליק און צופרידענחייט.

מ. רושאפייקין, סעקר. בר. 96 ארב. רינג.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 71, באדאנקען אלע אונזערע באאמטע, וועלכע זיינען געווען אין אמט ביז יאנואר 1921, ספעציעל פר. ריסער, פינ. סעק., פאר די לעצטע 2 יאר. מען האט אויך באשלאסען אים צו קויפען א שיינעם פרעזענט, גראווירט מיט'ן נאמען פון בר., אויך פ. פיינבערג, רעק. סעק., הערי אראנאוויץ, טרעזשורער, און חיים זייטלין, האספיטאלער, פאר זייער גוטער און איבערגעגעבענער ארבייט דורך דער גאנצער צייט, וואס זיי זיינען געווען אין אמט. אויך באדאנקען מיר אלע קרעפטען, וועלכע האבען גענומען אן אנטייל אין קאנצערט און פעקערוש פארטי פון לעצטען דעצעמבער פאר דעם בענעפיט פון דער רעליעף און פאר די אידישע שרייבער אין אייראפא, ספעציעל די פיאנא־לערערין, מיס א[illegible] טשאזיק, און מר מאקס טשאזיק, וויאליניסט, פון סאקאה. אויך מרס. דר. וואולף, פיאנא־סאליסטין פון פארטלאנד, מיט פר. ס. שולמאן פון בר. 817 א.־ר., אויך מר. אקערמאן. דורך זייער אנוועזענהייט און רייכען פראגראם וואס זיי האבען געהאט איז געזאמעלט געווארען 200 דאלאר קעש פאר'ן רעליעף.

פרענק פיינבערג און הערי טשאזיק,
רעז. קאם. פון סאקאה און בידעפארד בר. 71 א.־ר.

---

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אונזער פינ. סעק., פר. רזשייקאב גאלדמאן, האט צוליב פערזענליכע אורזאכען מער ניט אנגענומען אלס סעק. פון א[illegible] בר. נאך דעם ווי ער איז ביי אונז אפגעווען 13 יאר סעק., דריקען מיר, די גאנצע מעמבערשיפ, אויס אונזער פארלוסט איבער אזא פעהיגען סעק. פאר ד[illegible] צייט האט ער מיט זיין ענערגיע געדינט או[illegible]ער ברענטש, אלעס באזארגט פינקטליך, אימער ערפילט זיין ארבייט קארעקט. פיל גליק און צופרידענהייט ווינשען מיר אים אין זיין פערזענליכען לעבען. מיר ווילען נאר האפען, אז יעצט, ווען ער איז נים קיין אפיציעלער באאמטער, וועט אבער זיין איבערגעבענהייט נים אפגעשוואכט ווערען און העלפען דאס פארשטארקען פון אונזער ברענטש צו ווערען פאר דעם שענסטען און גרעסטען אין אונזער ארדען. מיר פרעזענטירען אים מיט א שיינעם און ווערטפולען זייגער, אלס מתנה און אנערקענונג פאר זיין ארבייט.

פאר די עקז. פון בר. 259 א.־ר.,
ת. חאל[illegible], איזידאר סטיינזאר, קאם.

---

מיר דריקען אויס אונזער הערצליכען דאנק צו אונזערע געוועזענע סעקרעטערע, די פריינד י. פישקין, אלס פינ. סעק., און ד. לאזאראוו אלס פראט. סעק., פאר זייער איבערגעגעבער ארבייט פאר'ן ברענטש. מיט דער האפענונג, אז זיי וועלען ארבייטען פאר'ן ברענטש ווי ביז יעצט.

מ. הורוויץ, ז. געלבערד, פרעס קאם.

---

## דאנק פון בר. 264

פאלגענדע האבען בייגעשטייערט צו פאנד פאר'ן קראנקען מיטגליד פון בר. 264.

צו 50 סענט פאלגענדע ברענטשעס: 2, 45, 121, 182, 39, 110, 242, 208, 290, 105, 157, 179, 123, 251, 194, 202, 60, 398, 557, 284, 19, 255, 118, 447, 42, 136, 489, 576, 295, 253, 222, 362, 42, 353, 277, 220, 245, 96, 574, 369, 23, 570, 250, 154, 426, 116, 416, 634, 496, 47, 598 און 350.

צו 1 דאלאר: 187, 177, 358, 163, 503, 331, 366, 5, 38, 436, 27, 578, 7, 617, 304, 128, 312, 94, 502, 61, 145, 599, 587, 414, 274, 319, 473, 249, 565, 30, 537, 36, 610, 266, 324, 414, 167, 244, 210, 248, 435, 18, 384, 573, 198, 268, 491, 429, 286, 247, 430, 431, 161, 365, 26, 398, 219, 392, 288, 618, 443, 178, 178, 37, 170, 79, 322, 175, 126, 92, 21, 11, 344, 348, 133, 106, 365, 521, 46, 391, 402, 390 און 271.

צו 2 דאלאר: 108, 200, 285, 125, 117, 248, 78, 495, 475, 306.

צו $1.50: 201, 114. צו 75 סענט: 492, 60 סענט: 400, 80. $3.80: 267. 80 סענט: 505, 3 דאלאר: 127, 459. $2.50: 477.

מיר דאנקען אלע וואס האבען בייגעשטייערט.

מיט פריינדליכען גרוס,
ב. קאבלענץ, סעק.

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## קאָנפערענץ פון אַלבאַני דיסטריקט

זונטאַג, דעם 5טען דעצעמבער, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די קאָנפ. פון דער אַלבאַני ד. ק. אין סקענעקטעדי, נ. י. אנוועזענד דעלעגאַטען: רזשוויקאַבסאָן, אַסאַפּסקי, אלבאַני בר. 320; וויינגראַד, טראָי בר. 123; סעלטצער, סקענעקטעדי בר. 117; קאָהען, גלענס פאַלס בר. 342; גאָלדשטיין, שאַפּיראַ, גלאָווערסוויל בר. 18; ראָזענבלום פון ניי־נעגרינדעטען בר. אנוועזענד: גורקין, בר. 117; לוטצקער, האַדסאָן בר. 226.

דער טשערמאַן, פר. סעלטצער, עפענט די קאָנפ. און סעק. שאַפּיראַ לעזט פאָר דעם פּראָטאָקאָל און ווערט גוטגעהייסען. דער סעק. לעזט פאָר אַ צושריפט פון אָרדען וועגען די צוויי קאַמפּיינס. עס ווערט איינשטימיג אָנגענומען, אַז די דעלעגאַטען זאָלען העקאָמענדירען צו די בראַנטשעס, אַז יעדער בר. אין אונזער דיסטריקט זאָל פאַר ווייניגסטענס דריי מאָנאַטען אריינגעמען נייע מעמבערס אָהן פאַרשלאַגס־געלד און אויך די בראַנטשעס זאָלען באַצאָלען פאַר די דאָקטאָר'ס עקזאַמינייש אַנס, און יעדער מעמבער, וועלכער וועט פאַרשלאַגען 5 מעמבערס אָדער מער, זאָל באַקומען אַ פּרעזענט פון בראַנטש. דעם פּרעזענט קאָן יעדער בר. אַליין באַשליסען וואָס ער פאַרלאַנגט.

דעל. קאָהן ווערט זעהר שעהן באַדאַנקט פאַר זיין שווערער אַרבייט וועגען גרינדען דעם בר. אין נאַסאַו. מיר האָבען געגרינדעט אַ שענעם בר. פון די פאַרמערס אין נאַסאַו, אַלע אינטעליגענטע געוועזענע אַרבייטער און פאַרשטעהען גוט די פּרינציפּען פון אַ.־ר.

אין די בראַנטשעס ווערט געטאָן גוטע אַרבייט. אַלע האָבען זעהר גוט אונטערשטיצט דעם סאָציאַליסטישען קאַמפּיין, די פּאָליטישע פּריזאָנערס, די „ניו־יאָרק קאָל", אַלץ, וואָס ס'איז נאָר וויכטיג, ווערט מיט געלד אונטערשטיצט.

מיט דעם שליסט דער טשערמאַן די קאָנפ.

אַ. שאַפּיראַ, סעק., אַלבאַני ד. ק., גלאָווערסוויל.

---

ווערטהער פריינד רעדאַקטאָר:

איך האָב פאַרטראַטען מיין בר. 189 אַ.־ר. ביי דער קאָנפערענץ, איינבאַרופען פון „די אַרב.־רינג קאָאָפּעראַטיווע געזעלאַפט" אין „פאָרווערטס" בילדינג מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק, האָב איך, אונטער אַנדערעס, געפרעגט דעם פאָרזיצענדען, פר. גראַף: אויב די באַאַבזיכטיגטע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען וועלען זיין אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון דזשענ. אָפּיס. — דער ענטפער האָט געלויטעט: ... אַז אויב דורך די בראַנטשעס פון אַ.־ר., הייסט עס שוין במילא דורכ'ן אַרבייטער־רינג... — מער צום וואָרט האָט מען מיך ניט צוגעלאָזען, און, זעלבסטפאַרשטענדליך, האָט מיך אַזאַ „אונצווויידייטיגער" ענטפער ניט געקענט צופרידענשטעלען. דאָס זעלבע האָב איך אויך באַריכטעט צו מיין בראַנטש. — איך דענק, אַז פר. סמאָלינסקי'ן, ווי אויך, אפשר, פר. גראַף'ן, איז באַקאַנט מיין ביטערע ערפאַהרונג מיט אַ קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, געגרינדעט דורך צוויי בראַנטשעס פון אַרב.־רינג מיט קנאַפּע 3 יאָר צוריק... ניט דאָ איז דער פּלאַץ פאַר פאַקטען. — איך האָב אַלע די רעקאָרדס אויפבעוואָרט... אָבער זאָל עס זיין אַן ערנסטע וואָרנונג פאַר דער צוקונפט, אַז אונטערנעמונגען דורך בראַנטשעס קאָנען דורך פאַרשיידענע אינטריגעס לייכט פאַרוואַנדעלט ווערען אין פּאַרטיי־קלייזלער — און דאָס טאָר קיינמאָל ניט געשעהן, ווען אויך בלויז אונטער דעם אָנגעבליכען נאָמען פון אונזער אומפּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע. — דער אַרבייטער־רינג וואַקסט און געדייהט, ער קאָן און ו ו ע ט ווערען איינער פון די באַדייטענדע פאַקטאָרען אויפ'ן וועג צו פּראָגרעס. אָבער זיינע יסודות פון אומפּאַרטייליכקייט מוזען בלייבען אומבאַרירט. מיר מוזען אימער זיין אויף דער וואַך, אַז קיין אונטערנעמונגען, ווי „אונבאַדייטענד" זיי זאָלען ניט שיינען, זאָלען ערלויבט און געדולדעט ווערען, ווען אויך אונטער דער כלומר'שטער השגחה זייגער.

איך אונטערשטיץ די צייטליכע רעקאָמענדאַציע פון פר. ס. באַרענשטיין אין סעפּט.־אָקט. נומער „פריינד": — „...די אַרבייט" — די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען — „וואָלט אָבער באַדאַרפט געטאָן ווערען דירעקט פון צענטראַלען אָפּיס..." אויב ער קאָן עס לויט געזעץ. — און נעמט דער אַ. ר. די פאַראַנטוואָרטליכקייט, די פינאַנציעלע, ווי די מאָראַלע, איבער, אויף דעם ערשטען רוף, קאָן מען כמעט מיט זיכערהייט זאָגען, אַז אַלע זיינע מיטגלידער וועלען שערהאָלדערס.

אַ רעקאָמענדאַציע צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם.: אויב אונטער דעם סעט ביכער אַלס פּרעמיום פאַר אריינברענגען נייע מיטגלידער אין אַ.־ר. ווערט פאַרשטאַנען פון די אין 1920 אַרויסגעגעבענע ביכער, וואָלט איך געראַטען, כדי די פאַראַיאָריגע מוער צו געבען אַ געלעגענהייט זיך איינצושאַפען די קאָמפּליטע אויסגאַבע, זאָלען זיי אָט די גוטע אַרבייט פאָרטזעצען אויך אין דיזען קאַמפּיין און קריגען די איבריגע ביכער.

וואָלף אייזנער.

---

**ק אָ נ צ ע ר ט פ אַ ר ' ן ר ע ל י ף**

בר. 365, ניופּאָרט ניוס, ווירדזשיניאַ, האָט אַראַנזשירט אַ קאָנצערט פאַר דעם 75 טויזענד דאָלאַר דרייוו, וואָס וועט שטאַטפינדען דעם חודש.

מיט אַרבייטער גרוס,

ה. מאיער, סעקר.

---

## אָפענער בריף פון לאָס אַנדזשעלעסער סאַניטאַריום צום אידענטום פון לאַנד!

ווערטע פריינדע!

אייער סאַניטאַריום אין לאָס אַנדזשעלעס, וועלכער איז געבויט געוואָרען מיט דעם בלוט און שווייס פון די גרויסע מאַסען פון דעם אידישען פאָלק, איז אין נויט. אַן מיר, די באַאַמטע, אויף וועמען עס ליגט די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דעם סאַניטאַריום, דענקען, אַז עס איז אונזער תליכט צו באַקענען די בעלי־בתים פון דער אינסטיטוציע — די אידישע מאַסען — מיט דער ריכטיגער לאַגע פון דעם סאַניטאַריום.

אַן די לאַגע איז ניט קיין גוטע. דער סאַניטאַריום ענדיגט דעם יאָר מיט אַ דעפיציט פון אומגעפער פינף און דרייסיג טויזענט דאָלאַר. פיל פון אונזערע געפּלאַנטע אונטערנעמונגען זיינען פאַרבליבען אויפ'ן פּאַפּיר. דער קליינער בילדינג־פאָנד איז פאַרטאָן געוואָרען אויף ברויט, פוטער, מילך און מעדיצין. און מיט אַלע דעם ליגט פאַר אונז אַ גאַנצער באַרג פון אומגעפער צען טויזענט דאָלאַר אומבאַצאָלטע בילס.

אָט די אומבאַצאָלטע בילס פאַר פּראָדוקטען, וועלכע מיר מוזען געברויכען טאָג־טעגליך, איז פאַר אונז איינע פון די גרעסטע געפאַרען; ווייל גאַנץ אָפט איז דער סאַניטאַריום אָפּהענגיג פאַר זיין עקזיסטענץ אויף קרעדיט.

פאַרביינעהענדיג ווילען מיר אייך זאָגען, דאָס דער דעפיציט פון אַן אינסטיטוציע קאָן ניט און זאָל ניט גענומען ווערען אין דעם זעלבען ליכט ווי עס ווער טנענומען אַ פאַרלוסט אין אַ פּריוואַט־געשעפט. דאָס קאָן אונטער קיינע אומשטענדען ניט באַטראַכט ווערען אַלס אַ פאַרלוסט. אין ריכטיגען זין הייסט עס, אַז דער סאַניטאַריום האָט דעם יאָר געהאָלפען מער אומגליקליכע קאָנסאַמפּטיווס ווי אונזערע גוטע מענשען האָבען ביינגעשטייערט. אין אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז מיר האָבען אויף אייער רעכענונג געבאַרגט פון דעם בוטשער, גראָסערי, פוטער־ און אייער־פירמע און פון נאָך פאַרשידענע פּראָדוקט־פירמען.

און לאָמיר אייך אויך זאָגען, דאָס אונטער קיינע אומשטענדען האָבען מיר ניט געקאָנט פאַרקלענערן די צאָל פּאַציענטען. מיר האָבען דאָס ניט געקאָנט טאָן, ווען מיר וואָלטען אַפילו געהאַט שטיינער אַנשטאָט הערצער.

פאַר דער לעצטער צייט איז דאָ אויסגעבוים געוואָרען אין סאַניטאַריום עטליכע פּראַכטפולע קאָטעדזשעס, אויסגעשטאַט מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען. האָבען מיר זיי געזאָלט לאָזען שטעהן ליידיג? און לאָזען די אומגליקליכע זיך וואַלגערן אין די פּאַרקס אַן בילינגע באָרדינג־הייזער?

ניין, פריינדע! מיר ווייסען זיכער דאָס אַזאַ עקאָנאָמיע וואָלט פון אייך פאַרדאַמט ווערען און איר וואָלט רעכט געהאַט פאַר דער פאַרדאַמונג.

דער אומגליקליכער אָרימער אַפּליקאַנט ליידט געוויג אונטער די בעסטע אומשטענדען. עס נעמט אומגעפער 3 מאָנאַטען צייט ביז ער קומט אריין אין סאַניטאַריום. ווען מיר האַלטען אַלע בעטען ביזי דעם גאַנצען יאָר און ליידער מאַנכע מאָל מער ווי 3 מאָנאַטען.

זעהר גרויס איז די צאָל פון אַפּליקאַנטען, און ווען מען זאָל זיך פאַרטראַכטען אין זייער לאַגע איז איינפאַך שרעקליך. ווער רעדט פון פאַלענע,— פיל האָבען משוט ניט וואָס צו עסען, ליידען בוכשטעבליך פון הונגער. גאָר ניט קיין קליינע צאָל האָבען ניט וואו זייער קאָפּ אַוועקצולייגען. קיינער וויל זיי אין הויז ניט אַריינלאָזען. עס זיינען זאָגאָר פאַראַנען פיל וואָס האָבען מורא טיט אַ קאָנסאַמפּטיוו צו רעדען.

אין אָט אַזאַ לאַגע געפינען זיך פיל פון אונזערע קראַנקע אַפּליקאַנטען. ווער זיינען זיי? זיינען זיי געקומען פון שטיינער? ניין, פריינדע! דאָס זיינען אומגליקליכע מענשען־קינדער, אונזערע ברידער און שוועסטער. זיי אַלע זיינען אַמאָל געווען אַ מוטערס טרייסט, אַ פאָטערס האָפענונג. פיל פון זיי זיינען האַרעפאַשנע פאַרזאָרגער פון פרוי און קינדער. און ניט זעלטען טרעפט איר אַ יונגע מוטער, וואָס האָט איר ביבעלע איבערגעלאָזען אין עלענד אויף די הענט פון אַ פאַרהאָרעוועטען טאַטען, און איז געלאָפען אין דער האָפענונג צו ראַטען איר לעבען.

אָט די אומגליקליכע קאָנען מיר ניט לאָזען וואַרטען איין מינוט לענגער ווי עס איז פאַראַן אַ בעט, און מיר האָבען זיי טאַקע ניט געלאָזען וואַרטען מער ווי די אומשטענדען האָבען אונז דערלויבט.

יאַ, פריינדע! מיר האָבען געזאָרגט און געבאָרגט, מיר האָבען געבויט הייזער ווען מיר האָבען קיין געלט ניט געהאַט; מיר האָבען פאַרמאַרטגעדזשט דעם סאַניטאַריום און האָבען אים פאַרגרעסערט קיין זאַך האָט אונז ניט צוריקגעהאַלטען אום וואָס שנעלער צו פאַרקלענערן דעם „ווייטינג־ליסט", נאָך איינעם אַריינצונעמען אין סאַניטאַריום; נאָך איינעם געגעבען אַ ריינע בעט, גוטע, פרישע שפּייזען און אַפט וואַרימע, האַרציגע פריינדשאַפט.

אָבער, טייערער פריינד! מיר מוזען אונזערע בילס דאָך אַמאָל באַצאָלען, זאָנסט וועט מען משוט מער ניט געבען. מיר מוזען דאָך פאַרגרעסערן אונזערע פּלענער אום מעגליך צו מאַכען אַז אונזערע אַפּליקאַנטען, וועלכע מען קאָן נאָך רעטען, זאָלען געהאָלפען ווערען.

אין קורצען, פריינד! דער סאַניטאַריום מוז האָבען שנעלע הילף. און אַלס אַ פאָלקס־אינסטיטוציע ווייסען מיר ניט קיין אַנדערע קוועלע ווי אַפּעלירען צו די גרויסע, ברייטע מאַסען פון פאָלק.

מיר בעטען אייך, לייגט ניט אָפּ אויף שפּעטער, טרויט ניט אייער אייגענעם זכרון. אָט טאַקע י ע צ ט מאַכט אים אַ טשעק אָדער אַ מאָני־אָרדער און שיקט אייער הילף וויפיל איר קענט. אָט נאָך ה י י נ ט אָוונטס אָדער ח י י נ ט י נ ע ו ו אָ ך וועט מיטען אייער לאַדזש, יוניאָן, בראַנטש, סאָסייעטי. באַשליסט צו געהן צום מיטינג און שלאָגט פאָר דאָס אייער אָרגאַניזאַציע זאָל שטיצען דעם סאַניטאַריום מיט אַ סומע וואָס זאָל זיין פּאַסיג פאַר דער אָרגאַניזאַציע און נאָך איר מעגליכקייט.

מיר פאַרזיכערן אייך, אַז קיינער פון אייערע מעמבערס וועט האָבען דאַנגען.

מיר האָבען עטליכע פיעלד־סעקרעטערע. טאָמער קומט אייך אויס צו טרעפען זיך מיט איינעם פון זיי, העלפט זיי אין זייער אַרבייט. זעהט אַז זיי זאָלען אויפגענומען ווערען איבעראַל מיט כבוד. מיר פאַרזיכערן אייך, אַז זיי האָבען דאָס כשר פאַרדינט. זיי גיבען אַוועק זייער גאַנצען לעבען פאַר דער הייליגער אונטערנעמונג. ווען ניט זיי וואָלטען אייערע פריינד זיכער ניט געהאַט דעם סאַניטאַריום. עס איז אמת, אַז זיי ציעען זייער שטיקעל ברויט פון זייער שווערער אַרבייט. זיינען זיי אָבער ניט באַרעכטיגט דערצו? זיי זיינען פעהיגע אַן געלערנטע מענשען, און וואָלטען זיי געגעבען די זעלבע אַנשטרענגונג אַן אַנדער באַשעפטיגונג, וואָלטען זיי זיכער געמאַכט אַ לייכטערן לעבען. זייער אַרבייט איז אָבער געוואָרען אַן אידעאַל ביי די מערסטע פון זיי.

העלפט פריינד, און העלפט שנעל. זאָלען ניו־יאָרקער שיקען אָדער ברענגען זייער הילף אין אונזער ניו־יאָרקער אָפּיס: 194 ביערי, וואו מר. מאַקס סטירן איז מענעדזשער. אונזער באָסטאָנער מענעדזשער איז רעוו. י. נ. שעין, 6 וועיוו וועיי, ווינטראָפּ, מאַסס. אונזער פילאַדעלפיער מענעדזשער איז מר. נ. ליכט, 3139 מאַרס סטריט, פילאַדעלפיאַ. און אין שיקאַגאָ האָבען מיר רעוו. ס. ל. זינגלער, 1865 ס. העמלין עוועניו, שיקאַגאָ.

און אַז איר ווילט קענט איר שיקען צום לאָס אַנדזשעלעסער אָפּיס, 107 ס. בראָדוויי, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

מיט אַכטונג, ב. קאָהען, עקז. סעק.

---

ווערטער פריינד רעדאַקטאָר, י. ב. ביילין:

ערשט היינט האָב איך דערהאַלטען און געלעזען דעם יובילייאום נומער „פריינד". דעם פאָריגען נומער האָב איך ניט באַקומען און, ווי זוייט איך ווייס, האָבען פילע דעם יובילייאום־נומער נאָך אַלץ ניט דערהאַלטען. עס איז שטענדיג דאָס זעלבע, און דאַרום פרעגען פילע, „פילייכט וואָלט עס געווען ראַטזאַם אַנצושטעלען אַן אַנדער מענשען אין דעם מיילינג דעפּאַרטמענט?" דער מעקסרעפערענדום איז ווירקליך אַ סקאַנדאַליעזער, אָבער נאָך אַלעמען צייגט עס דאָך בלויז דעם שטאַרקען פאַרדרוס פון די מעמבערס וואָרום זיי באַקומען ניט זייער „פריינד".

עס האָט מיך שטאַרק געערגערט, גענאָסע ביילין, אייער „מרה־שחורה"'דיגע שטימונג ביים „פאַרטראַכטען זיך איבער דער גלייכגילטיגקייט פון די אכציג טויזענט מיטגלידער. איך דערמאָן זיך, אַז מיט איינינע יאָר צוריק האָט זיך גענאָסע אָלגין באַקלאָגט אין אַן אַרטיקעל אויף דער גלייכגילטיגקייט און פרעמדקייט פון דעם לעזער: אים אַרט ניט, ער רופט זיך ניט אָפּ און דער שרייבער ווייס גאָר ניט אויב עס ווערט זאָגאָר געלעזען.

איך גלויב, אַז אין דעם צווייפלען זייט איר ביידע אומגערעכט. דאָס שטילשווייגען פון דעם לעזער קאָנט איר אין ערנסטען פאַר דערקלערען אַלס פוילהייט, אַלס נאַכלעסיגקייט אַ. ד. ג., אָבער געוויס ניט אַלס גלייכגילטיגקייט. די האַרציגע און ציכטיגע געדאַנקען, פול גלויבען און צוטרויען, באַקליידט אין דער שיינער און זאַנפטיגער בלומען־שפּראַך ווערען געלעזען מיט דעם גאַנצען ערנסט ווי זיי ווערען געשריבען. אין דער קאַלטער, האַרטער און פרעמדער אומגעבונג ווירקען די דאָזיגע אַרטיקלען אַזוי ווי אַ באַלזאַם צו דעם שווערען פעסימיזם און אומצוטרויען, וועלכע פאַראַליזירען דעם מוט און ענערגיע. אָט די אַרטיקלען ווערען שוין דוקא געלעזען און זיי איבען־אויס אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם לעזער.

די ווירקליכע אורזאַכען פון דעם לעזערס שטילשווייגען זיינען: ערשטענס, זיי קאָנען ניט שרייבען. דער לעזער האָט צופיל רעספּעקט פאַר זיין זשורנאַל, רעדאַקטאָר און שרייבער און דאַרום דערלויבט ער זיך ניט צו באַלעסטיגען זיי מיט זיין וואַכעדיגען בריוועל אומליטעראַריש געשריבען. דער וואָס קאָן שוין יאָ האַלטען אַ פען אין האַנט, איז מערסטענטיילס אַזוי פאַרוואָרפען מיט באַוועגונגס־אַרבייט אין זיין שטאָט אָדער שטעטעל, אַז ער האָט גאָר קיין צייט ניט צו שרייבען.

צווייטענס, איז עס אַמעריקאַ, מענשען זיינען פאַרטאָן און פאַרשמייעט אין דער אַרבייט און מיר און אויסגעהאָרעוועט נאָך דער אַרבייט, אין בוזי איז ניטאָ קיין צייט און קיין כח און אין

סלעק — קיין קום און ווילען זאגאר א בריוועלע רער מאמען שרייבען ליים זעהר זעלטען. עס איז פאר זיי שווערער צוזאמענצוקלייבען זייערע נעדאנקען און אויסדריקען זיי אויפ'ן פאפיר, איידער צו מאכען א שווערען טאג ארבייט. מ'ליינט עס געוויינליך אפ אויף א פאטענדערער צייט, און ביי דעם בלייבט עס.

די זיינען עס, לויט מיין מיינונג, די אורזאכען, אבער גיט קיין גלייכגילטיגקייט. געווים זיינען אין יעדער סטאדע פאראן פארשידענע שעפסען און צווישען אכציג טויזענט זיינען אויך דא גלייכגילטיגע, אבער גראד דערפאר מוז און זאל אונדזער סאגאטיכער זשורנאל, דער „פריינד“, לעבען און געזונט זיין.

מיט פריינדליכען גרוס,

ס. סאלאמאן,

(איינער פון די שווייגענדע).

## עדיוקיישאנאל מיטינגען איינגעפירט ביי די סט. פאול'ער א.־ר. מעמבערס

שוין א לאנגע צייט האט זיך געפילט די נויטווענדיגקייט צו האבען עדיוקיישאנאל מיטינגען אין אונזער שטאט, אבער מער ווי צו קריגען מעמבערס אין א.־ר. האבע חיך אונזערע קאמיטעען נישט אינטערעסירט; עס איז קיינעם נישט איינגעפאלען צו אינטערעסירען זיך ווי אזוי די מעמבערשיפ אויפצוהאלטען. ענדליך איז די סיטי קאמיטע פון א.־ר. געקומען צום באשלוס, דאס מען זאל איינפירען עדיוקיישאנאל מיטינגען. מען האט גערופען דעם ערשטען מיטינג און ער האט זיך געקרוינט מיט דעם גרעסטען ערפאלג. עס זיינען שוין ביז יעצט פארגעקומען 4 אזעלכע מיטינגען און יעדער מיטינג ווערט זעהר גוט באזוכט. עס קומען מער מיטגלידער צו די מיטינגען ווי צו די ברענטש־מיטינגען. נאך די רעבאטעס האבען מיר דעקלאמאציעס און פארלעזונגען, דורכגעפירט פון דעם ס.־פאול'ער אידיש־דראמאטיק קלוב. דיזע מיטינגען זיינען פאקטיש דאס, וואס דער ארבייטער־רינג קלייםט צו באשאפען: ברידערליכקייט און פריינדליכקייט צווישען זיינע מיטגלידער.

ל. לעווי.

## יערליכער באריכט פון דער טאראנטא סיטי און דיסטריקט קאמיטע פון די א.־ר. ברענטשעס

אריינגעהענדיג אין אמט, אנפאנג 1920, איז געווען זעהר פיל ארבייט פאר דער סיטי און דיסט. קאמ. אין די ברענטשעס איז געווען א שטילשטאנד און די פאפולאריטעט פון דעם ארבייטער־רינג אין טאראנטא און אומגעגענד איז ניט געווען ווי מיר וואלטען געוואונשען. און דאס פעלד פאר ארבייט איז געווען א באשרענקטער, פאראורזאכט דורך דער אונגאליטעט פון דעם א.־ר. אי זטאראנטא. אבער עס האט אונז קיין זאך ניט אפגעהאלטען צו פארזייען די פרוכט, וועלכע מיר האבען נאכהער געשניטען, ווען מיר האבען געענט ארויסגעהן מיט שטאלץ אין דער עפענטליכקייט, ווען דער א.־ר. איז לעגאליזירט געווארען אין קענעדא, און צו וואס מיר האבען א גרויסען טייל ביינעטראגען. היינט צו־טאג האבען מיר אין טאראנטא 9 ברענטשעס מיט ארום טויזענט מיטגלידער. אין אלגעמיין איז געשאפען געווארען א לעבעדינקייט אין אלע ברענטשעס, און יעצט קומט די הויפט טעטינקייט, די צוגרייטונג און פארבארייטונג פאר דער 21טער א.־ר. קאנווענשאן, וועלכע וועט פארקומען אין טאראנטא. א דאנק קומט די פריינד א. רישא, דזש. שיף, מ. קאחען, נענדעל, מ. סימסקין און ח. סטיין, סע. פון דער סיטי און דיסט. קאמ. מיר האבען אויך געדרוקט און פארשפרייט פארשידענע ליטעראטור אנצופירען אונזער קאמפיין. עס מוז אויך דערמאנט ווערען אונזערע צוויי א.־ר. קינדער־שולען, וועלכע זיינען איבערגענומען געווארען פון דעם פריערדיגען שולען־פאראיין אין צוויי פארשידענע טיילען פון שטאט מיט נאהענט פון דריי הונדערט קינדער, וועלכע לערנען זיך אין זיי. דאס איז אן אינסטיטוציע, וועלכע איז דער ליבלינג און שטאלץ פון דער אידישער ארבייטער־גאס. און מיר קאנען היינט צו־טאג זאגען אן איבערטרייבונג, דאס דער ארבייטער־רינג איז א פאקטאר אין דער אידישער גאס, מיט וועלכען מען רעכענט זיך זעהר פיל.

צולעצט מוז באצייכענט ווערען די לעצטע העכסט ערפאלגרייכע אונטערנעמונג, און דאס איז די מאסען־פארזאמלונג און קאנצערט פאר זונטאג אווענט דעם 9טען יאנואר 1920, וואו פריינד באסקין האט אדרעסירט די פארזאמעלטע. די קינדער צוזאמען מיט דע קינדער־כאר פון די א.־ר. פרץ שולען האבען אנטייל גענומען אין דעם קאנצערט, און דער מאראלישער ערפאלג איז געווען אזוי גרוים, דאס דער האל, וועלכער נעמט אריין נאהענט פון צוויי טויזענט מענשען, איז געווען געפאקט און הונדערטע מענשען האבען געמוזט צוריקגעהן, ווייל מען האט זיי ניט אריינגעלאזען.

א צווייטע פארזאמלונג און קאנצערט דורך דעם האמילטאנער א.־ר. ברענטש איז דורכגעפירט געווארען זונטאג בייטאג מיט פר. באסקין'ען. די קינדער פון דער האמילטאנער א.־ר. פרץ שולע האבע זאנטייל גענומען.

מיט פריינדליכען און א.־ר. גרוס,

סיטי און דיסט. קאמיטע פאר 1921.

## באריכט פון קאנפערענץ פון אר.־רינג ברענטשעס וועגען א הויז און א היים פאר עלטערע מיטגלידער

זונטאג בייטאג, דעם 19טען דעצעמבער, רופט פריינד לעוויטאן די קאנפערענץ צו ארדנונג, ערקלערענדיג, אז ביי דער לעצטער קאנווענשאן פון ארב.־רינג איז א קאמיטע ערוועהלט געווארען, אויסצוארבייטען א פלאן פאר פאלגענדע צוויי אונטערנעמונגען פאר ארב.־רינג: 1) בויען אן אייגענע היים פאר'ן ארב.־רינג, וואו עס זאלען זיך געפינען די אפיסעס און, אויב מעגליך, אויך מיטינג־לאקאלס פאר די ברענטשעס; 2) בויען אן „אלד איידזש האום“ פאר די עלטערע מעמבערס פון ארב.־רינג, וועלכע זיינען אונפעהיג זיך אליין צו ערנערען. אין ביידע פאלען דארפען די געביידען זיין אזעלכע, וועלכע זאלען זיין צונעפאסט צו דער גרויסקייט און אידעאלען פון ארב־רינג. די קאמיטע, דארפענדיג אריינברענגען א פולען רעפארט צו דער נעקסטער קאנווענשאן, געהט אן מיט איר ארבייט.

דיזער קאנפערענץ איז בלויז גערופען געווארען פאר א הירינג פאר די ניו־יארקער ברענטשעס. די קאמיטע וויל האבען א באגריף וואס די ניו־יארקער ברענטשעס דענקען וועגען דער נויטווענדיגקייט פון א „האום־אפיס“ און „אלד איידזש האום“.

פאר טשערמאן פאר דער קאנפערענץ ווערט ערוועהלט א. דינערשטיין און י. ראבערטס, פון בר. 291, ווערט ערוועהלט אלס סעקרעטער. די קרעדענשעל קאמיטע, מיט געבאמקין אלס טשערמאן, רעפארטעט, אז עס זיינען פארטראטען 101 ברענטשעס, 3 מיטגלידער פון דער דזשענעראל עקז. באארד און 2 פארטרעטער פון דער סיטי ארג. קאמיטע. איינינע באאמטע פון ברענטשעס זיינען אויך פארטראטען. אלע ווערען איינשטימיג צוגעלאזען.

פר. אשפיז, פון דער קאמיטע, באריכטעט דאן, אז שוין יארען און יארען, ווי פילע מעמבערס דענקען, אז עס איז שוין צייט פאר'ן ארב.־רינג צו האבען אן אייגענע היים; אז דער ארב.־רינג אלס א פראגרעסיווער און סאלידער ארדען דארף האבען אן אייגענע היים, וואו עס זאל זיין גענוג פלאץ פאר אלע זארטען ארבייטען פון ארב.־רינג און וועלכע זאל ענטהאלטען א לייברערי, א גרויסען האל פאר גרויסע אונטערנעמונגען, א גרויסען עדיוקיישאנאל דעפארטמענט, א פארוויילונגס־צימער, פלאץ פאר לעקטשורס און פלאץ פאר אטלעטישע איבונגען. עס איז אויך דא א שטארקע מיינונג, אז אויב מען בויט שוין אזא היים, זאל מען שוין פאר איין וועגג אויך באזארגען די ברענטשעס מיט מיטינג־לאקאלס. ער ברענגט אויך ציפערן, וועלכע ציינען, אז די איסט סייד ברענטשעס ספענדען אן ערך פון 1600 דאלאר פאר מיטינג־לאקאלס, וועלכע וואלט מעגליך געמאכט אויסצוהאלטען די הוצאות פון דעם בילדינג, און וואלט געגעבען א מעגליכקייט די ברענטשעס צו מיטען אין זייער אייגענער היים.

וועגען דער פראגע פון אן „אלד איידזש האום“, באריכטעט ער, האט זיך די קאמיטע גאנץ ערנסט אריינגעטראכט און זיך געזעהן מיט פילע עקספערטען און סטאטיסטיקער, און זיי קומען צו א באשלוס, אז עס איז איצט די זאכינע צייט אנצופאנגען קלערען וועגען אזא חיים פאר עלטערע מעמבערס. זיי האבען אויך געקראגען אלע אינפארמאציעס פונ'ם מושב זקנים, וויפיל עס קאסט אויפצוהאלטען אזא הויז, און די קאמיטע איז געקומען צום שלום, אז אום צו קענען אנשטענדיג און ברידערליך פארזארגען די עלטערע מעמבערס, מוז שוין פון נעקסטען יאר אן געזאמעלט ווערען א פאנד פאר דעם צוועק, וועלכער וועט מאכען מעגליך אינ'ם יאר 1930 צוצוטרעטען צו בויען אזא פאסענדען „אלד איידזש האום“.

די פראגע ווערט דאן דיסקוטירט און עס ציינט זיך ארוים, אז אלע פארזאמעלטע זיינען איינשטימיג, אז עס איז שוין די העכסטע צייט, אז דער א.־ר. זאל האבען אן איינענע חיים. דער איינציגער מיינונגס־אונטערשיד איז, וואס איינינע מעמבערס דענקען, אז אזא הויז דארף געבוים ווערען „סטריקט פאר ביזנעס“, בלויז פאר געשעפטליכע צוועקען, און אנדערע דענקען, אז אויב שוין יא בויען אן איינענע חיים, דארף דאס זיין א קולטורעלער צענטער פאר ארב.־רינג. יעדענפאלס, אלע שטימען איין אז אזא הויז פאסיג פאר אזא ארגאניזאציע ווי דער ארב.־רינג, דארף און זאל געבוים ווערען. דער סעקרעטער באסקין ציינט אן, אז פילע ארימערע און קלענערע ארדענס ווי דער א.־ר. האבען זייערע איינענע הייזער, און האבען דארום פיל מער באוועמליכקייטען. די איינציגע זאך וואס ער איז געגען — איז די מיטינג־לאקאלס צוזאמען מיט'ן האום־אפיס.

וועגען דער צווייטער פראגע פון „אלד איידזש האום“ איז כמעט קיין מיינונגס־פארשידענהייט ניטא כמעט אלע זיינען איינשטימיג, אז אזא פאנד מוז געשאפען ווערען, ווייל אויב דער א.־ר. האט באוויזען ואויפצובויען א סאניטאריום, קאן ער אויך פארזארגען אויף אן אנשטענדיג־ברידערליכען וועג די אלט־געווארענע מעמבערס פונ'ם ארדען. ווי גרוים דער טעקס זאל זיין, בלייבט איבער פאר דער קאמיטע זיך צו רעכענען מיט די יעצטינע אומשטענדען און דאס רעקאמענדירען צו דער קאנווענשאן.

נאך אן אויסדרוף פון דעם משערמאן, אז די פראגען זאלען פארהאנדעלט ווערען ביי די מיטינגען פון די ברענטשעס און רעקאמענדאציעס זאלען געשיקט ווערען צו דער קאמיטע, ווערט דער קאנפערענץ געשלאסען.

י. ראבערטס (בר. 291), סעק.

## גלובאקער בר. 147 א.־ר. ניו־יארק

איך פיל עס פאר א מליכה צו דערקלערען צו אונזער גאנצער מיטגלידערשאפט פון א.־ר., אז אין דעם קליינעם צעטעל פון די ברענטשעס, וואס ציכענען זיך אוים אויף דעם געביט פון טעטיגקייט, קאן פאררעכענט ווערען ברענטש 147 א.־ר. נאך דעם רוף פון דער נאצ. עקז. לעצטען יאר פאר נייע מיטגלידער, האט דער בר. 147 אפגעענטפערט מיט 56 נייע מיטגלידער. דער ברענטש ציילט שוין באלד 200 מעמבערס. אויף דעם געביט פון רעליעף האט דער ברענטש געגעבען 250 דאלאר פון טרעזשורי. דעם יאר ווילען מיר ווידער טאן אזוי. מיר פירען איצט אן א קאמפיין פאר נייע 50 מיטגלידער. צו 8 קראנקע מעמבערס האבען מיר געגעבען 930 דאלאר, אויסער זייערע בענעפיטס. דער ברענטש צאלט יעצט 9 דאלאר א וואך קראנקען בענעפיט. צו דעם סאצ. קאמפיין 90 דאלאר. פון דער קאאפעראטיווער א.־ר. בעקעריי האט דער ברענטש געקויפט 10 שערס. דער בר. באטייליגט זיך און זאגט זיין ווארט אין יעדער פראגע פון לעבען. מיר האבען א לאאן־פאנד אין בר. א. ז. וו. מיט איין ווארט, דער ברענטש 147 א.־ר. לעבט און שעצט און ווייס אז ער דארף פראגרעסירען אלס א ברענטש פון גרויסען ארדען ארבייטער־רינג.

מיט פריינדליכען גרוס

דזש. מאלקין, סעק.

## עס וואקסט אין קאליפארניע...

זונטאג, דעם 19טען דעצעמבער, איז אינסטאלירט געווארען פון דער נארטהערן קאליפארניע דיסטריקט קאמיטע ברענטש 658, אין פעטאלומא, קאליפ.

עס איז אמת, אז קיין גרינגען דזשאב האט די דיסטריקט קאמיטע ניט געהאט. די אידישע באפעלקערונג פון פעטאלומא באשטעהט זיך מיט הינער־„רענטשעס“. נו, וואס זשע פאר א שייכות האבען זיי מיט'ן ארבייטער־רינג? און דער ענטפער פון איינינע ענטוזיאסטען איז געווען: מיר ווילען א ברענטש פון ארבייטער־רינג!

צו דער אינסטאלירונג האט דער ברענטש געהאט 17 מעמבערס, און מיט האפענונג אויף צו פארטאפלען די צאל ביז דער קאנווענשאן. א דאנק קומט דער קאמיטע פון פרויען, וועלכע האבען ארגאנזשירט א גרויסארטיגען באנקעט און איינגעלארען קיין עיזהרע אן עולם פון איבער 50.

ה. קאבליק, סעקר.

נארטהערן קאליפארניע דיסט. קאמ.

## אינסטאלירונג פון באאמטע פון ברענטש 353

דעם 2טען יאנואר איז פארגעקומען אונזער אינסטאלירונג. די פאלגענדע זיינען אינסטאלירט געווארען: סעם בערמאן, משערמאן; מאקס קארסאן, פינאנס־סעקר.; סעם לענט, טרעזשורער; מאקס לענט, רעקארדינג סעקר.; ס. בערגער, האספיטאלער; ל. בארגין, וויים־טשערמאן. די פאלגענדע זיינען אין דער עקזעקוטיוו: סעם דייטש, מארטין, גרין, ל. סענדערס, שרייבער, ה. לאנדאן. אין דער קאנטראל קאמיטע: גורעוויטש, סעם ליטמאן און שטיין שפעטער האבען מיר ארגאנזשירט א גרויסארטיגען באנקעט, אזוי ווי עס פאסט פאר אן א.־ר. ברענטש. מיר גרייטען זיך צו טאן גרויסע ארבייט פאר דעם יאר 1921. מיר האבען שוין ארגאנזשירט פר. ראטנער פאר דעם 28טען יאנואר. אויך וועט אונזער דראמאטישער קלוב שפילען „דער ישיבה בחור“ אין פעברואר. די פראפיטען וועלען זיין פאר דעם שרייבער־פאראיין אין רוסלאנד.

מיר באדויערן זעהר וואס דער טעקס פאר דעם „פריינד“ איז דורכגעפאלען, אבער מיר האפען אז דעם נעקסטען מאל וועלען די מעמבערס איינזעהן ווי נויטיג דער „פריינד“ איז.

מאקס קארסין, סעק. בר. 358.

ווערטער פריינד רעדאקטאר!

ביי א מיטינג פון ראטשעסטער דיסטריקט און סיטי קאמיטע איז אויפגעהויבען געווארען די פראגע צי א מיטגלידס פאמיליע זאל זיין בארעכטיגט צום סאניטאריום בענעפיט. נאך א געוויסער צייט רעבאטירענדיג זיינען מיר געקומען צום באשלוס צו רעקאמענדירען אלע ברענטשעס פון ארבייטער־רינג זיי זאלען די פראגע פארהאנדלען ביי זייערע מיטינגען און זיי זאלען אינסטרואירען זייערע דעלעגאטען צו דער נעקסטער קאנווענשאן צו רעבאטירען די דאזיגע פראגע.

מיר האפען, אז די מעמבערס וועלען איינזעהן די וויכטיגקייט פון דע און וועלען דאס פארהאנדלען גאנץ ערנסט.

מיט פריינדליבען גרוס,

סיטי און דיסטריט קאמיטע פון ראטשעסטער.

ל. לעסטין, סעק.

# אפיציעלע צירקולארען

## צו אלע בראנטשעס פון ארבייטער רינג

ווערטער פריינד סעקרעטער:

מיר שרייבען אייך אט דעם בריף כדי נאכ־אמאל צו דערמאנען אייך וועגען די צוויי קאמ־פיינס וואס דער ארבייטער־רינג פירט אן מיר ווייסען, אז די צייטען זיינען יעצט נים קיין גינ־סטיגע. מיר באגרייפען גאנץ גוט די לאגע. אבער שווערע צייטען האבען מיר שוין געהאט פיל. פיל שטערונגען אין אונזער ארבייט האבען מיר גע־טראפען אויף יעדען שריט און טריט, און פונ־דעסטוועגען זיינען מיר אימער נעגאנגען פאר־ווערטס און פארווערטס. אלע אונטערנעמונגען פלעגט געקרוינט ווערען מיט ערפאלג. און עס איז די פליכט פון יעדען איינצעלנעם מיטגליד פון ארבייטער־רינג צו העלפען אונז מיט אלע זייערע כחות אויף דעם יצר צו ערדייכען די אויפגאבען, וועלכע מיר האבען זיך געשטעלט, צו קומען צו דער נעקסטער קאנווענשאן מיט די דערפילטע פאר־שפרעכונגען. וואס ערגער די צייטען זיינען, וואס די לאגע פון דעם ארבייטער איז אונזיכערער, אלץ מער דארף ער קלערען וועגען דעם מאָרגענדיגען טאג, אלץ מער דארף ער זוכען צו פארזיכערן זיך און זיין פאמיליע אויף דער צייט פון נויט און קראנק־הייט. דאס אליין איז דער בעסטער ארגומענט פאר אריינצוקריגען נייע מיטגלידער, נייע רעקרו־טען צווישען די ארבייטענדע מאסען, צווישען די יוניאן־לייט.

עס איז נויטיג, אז יעדער מיטגליד פון דעם ארבייטער־רינג זאל ווערען דער אגיטאטאר פון ארבייטער־רינג, דער קאמפיין־פירער, שוין אפגע־רעדט פון די, וועלכע שטעהען אן דער שפיץ פון אונזערע בראנטשעס, און מיר זיינען זיכער, אז ווען אונזערע בראנטשעס און מיטגלידער זאלען זיך אריינווארפען אין דעם קאמפיין, וועלען מיר נאך איצט דערגרייכען די צאל, צו וועלכער מיר שטרעבען.

מיר שטעהען יעצט אין דעם אנפאנג פון דעם מאנאט יאנואר, און אין פארלויף פון די קומענדע 4 מאנאטען קאנען מיר נאך זעהר פיל און פיל אויפטאן אויף ביידע געביטען.

מיר אפעלירען ניט צו אייך, מיר דערמאנען נאר אייך, ווייל איר ווייסט אליין אייער פליכט און איר וועט זיכער די דאזיגע פליכט טאן.

וואס אנבאלאנגט דעם קאמפיין פאר די 5 מוי־זענד דאלאר, גלויבען מיר אויך, אז עס וואלט זעהר לייכט געווען די דאזיגע סומע צו דערגרייכען ווען אלע בראנטשעס פון ארבייטער־רינג וואלטען גענומען אין זינען די אינטערעסען פון דער ארגאני־זאציע, און געשיקט אלע געלדער, וועלכע זיי קליי־בען פאר דעם רעליף, דורך דעם דזשע־נעראל אפיס.

מיר זיינען איבערצייגט, אז אונזערע בראנ־טשעס טוען זעהר פיל אויף דעם געביט. זיי זאמלען געלדער זאגאר יעצט, אין די שווערסטע צייטען, אבער די דאזיגע געלדער ווערען ליידער נים געשיקט דורך אונז, און מיר זעהען נים איין ווארום דאס זאל נים געטאן ווערען.

האפענדיג אז איר וועט טאן אלץ וואס ס'איז נאר מעגליך צו מאכען די ביידע קאמפיינס פאר אן ערפאלג, פארבלייבען מיר

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ארבייטער־רינג.

י. באסקין, גענ. סעק.

נ. ב. ווען איר ענדערט דעם דיים פון אייערע מי־טינגען, אדער די באאמטע פון בראנטש, זיים איר געבעטען גלייך לאזען וויסען אין גענעראל אפים.

## צו אלע בראנטשעס פון ארבייטער רינג

ווערטער פריינד סעקרעטער:

איינליגענד געפינט איר נאמיניישאן בלענקס פאר די דעלעגאטען צו אונזער 21טער יערליכער קאנווענשאן, וועלכע וועט שטאטפינדען אין טא־ראנטא, קענעדא. די פארם פון ערוויילען דעלעגא־טען צו דער קאנווענשאן וועט זיין די זעלבע ווי אין די לעצטע יארען, דאס הייסט, די בראנטשעס נאמינירען דעלעגאטען. די נעמען פון די נאמי־נירטע ווערען צוגעשטעלט צו דער טעריטאריעל קאנפערענץ, וועלכע ווערט אפגעהאלטען אין דעם באטרעפענדען פלאץ, און די יעניגע, וועלכע קריגען די מערהייט, וועלען קאנען ערוויילט ווערען דיי־רעקט ביי דער קאנפערענץ, אדער די קאנפערענץ קאן באשליסען צו שיקען די נאמינירטע, איבער וועלכע די קאנפערענץ האט באשטימט, צו א רעפע־רענדום פון די בראנטשעס, וועלכע באלאנגען צו דער באטרעפענדער טעריטאריע.

עס וועט זיין 1 דעלעגאט פון יעדע 500 מיט־גלידער פון ארבייטער־רינג. יעדער בראנטש וועט קריגען פון דער קאמיטע, וועלכע וועט ארגאנזשירען די קאנפערענץ, א מעלדונג ווען די דאזיגע קאנ־פערענץ וועט שטאטפינדען, און זיי וועלען שיקען זייערע דעלעגאטען צו דער דאזיגער קאנפערענץ, איינער פון יעדע הונדערט אדער פון מער ווי א הונדערט, לויט די אלטע רולס פון ארבייטער־רינג.

עס איז נויטיג, אז דער נאמינירטער קאנדידאט פאר דעלעגאט צו דער קאנווענשאן זאל אויף דעם נאמיניישאן בלענק אנגעבען אויב ער איז א ביר־גער פון אמעריקע אדער ניט, ווייל מיר וועלען דארפען וויסען גענוי וויפיל ניט־בירגער דעלע־גאטען מ'וועלען זיין, אום צו מאכען די נויטיגע אראנזשמענטס מיט דעם אימיגריישאן דעפארט־מענט פון קענעדא, אז מ'זאל זיי אריינלאזען.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ארבייטער־רינג.

י. באסקין, גענ. סעק.

נ. ב. ווען איר ענדערט דעם דיים פון אייערע מי־טינגען, אדער די באאמטע פון בראנטש, זיים איר געבעטען גלייך לאזען וויסען אין גענעראל אפים.

## לונגען־ענטצינדונג (ניומאניע)

ווען איינער קריגט מיט אמאל א שטארקע פארקילונג און הייבט־אן גלייך צו פיבערן, דער פנים ווערט ביי אים געשוואלען, ער דער־פיהלט א ווייטאג אין ברוסט און אים איז שווער צו אטעמען — קאן דעמאלט גרייליך זיין, אז ער האט א לונגען־ענטצינדונג, וועלכע איז פארערכענט אלס א געפערליכע קראנקהייט. עס איז דערפאר זעהר וויכטיג מען זאל אין אזא פאל גלייך רופען א דאקטאר.

דער חולה שפייט א סך און מיט שוועריג־קייטען און זיין ליחות איז רויטליך־ברוין. דאס קומט דער פון וואס זיין שפייעכטס איז אביסעל פארמישט מיט בלוט.

דער פולס שלאגט אין אנהייב שטארק און פול, שפעטער ווערט ער שוואך און קוים וואס מען דערפיהלט אים. דער קראנקער הייבט־אן גיכער צו אטעמען, פון 30 ביז 50 מאל אין איין מינוט. ער ווערט אלץ אומרוהיגער, קאן נים איינליגען רוהיג און מען מוז אים אפט איינהאלטען מיט גוואלד אין בעט אדער אוועק־זעצען אויף א שטול.

עס קאן אויך אמאל קומען צו א דעליריאום (אן אטאקע פון משוגעת) — מוז מען דעם פאציענט גוט אפהיטען, ווייל ער קאן נאך אין אזא אנפאל שפרינגען דורך א פענסטער.

געוועהנליך האלט דער פיבער אן ביז דעם זיבעטען אדער דעם ניינטען טאג און אפט פאסירט ער דעמאלט, אז דער פיבער זאל ארונ־טערפאלען אין עטליכע שעה ביז צום נאר־מאלען פונקט.

אט דער צושטאנד ווערט אנגערופען דער קריזיס פון דער קראנקהייט, און אויב עס מישען זיך נאר נים אריין קיין זייטיגע פאר־ערגערונגען, הייבט דער חולה אן ביסלעכווייז צו קומען צו זיך.

עס פאסירט אבער אויך, אז די טעמפעראטור ווערט נים צוריק נארמאל, נאר פאלט מיט איין גראד אדער מיט צוויי נידעריגער און הייבט זיך ווידער אמאל אויף. דאס ווערט אנגע־רופען דער פאלשער קריזיס. אויב דער פא־ציענט הייבט נאך אן מער צו שוויצען און די הויט ווערט ביי אים בלוי — מיינט דאס נים קיין פארבעסערונג פאר אים.

אין יעדען פאל פון ניומאניע זאל מען גלייך רופען א דאקטאר. זאל דער חולה זיך געפינען אין א גרויסען לופטיגען צימער, פון וועלכען אלע זייטיגע זאכען, ווי איבעריגע פוירניטשור, פענסטער־פארהאנגען און אנדע־רע זאכען זאלען באזייטיגט ווערען.

מען דארף זיך היטען מיט ליקות און מיט אלץ וואס קומט פון קראנקענס נאז אדער האלז. זאל מען דאס אלץ אויפקלייבען אויף טיכלאך אדער שטיקלאך פאפיר און דערנאך פאר־ברענגען.

אויב דער, וואס געהט אום ארום דעם קראנ־קען, האט אויך צו טאן מיט דער רעשט פון דער פאמיליע, וואלט דעמאלט גוט געווען אנ־צוטאן א כאלאט אדער א פארטוך איבער די קליידער אין דער צייט ווען ער אדער זי גים זיך אפ מיט'ן קראנקען. ווען מען געהט ארוים פון דעם קראנקענס צימער ווארפט מען דעם כאלאט אדער פארטוך ארונטער פון זיך. מען דארף אויך וואשען און דיזינפעקטירען די הענט. זאל דער פאציענט האבען זייגען באזונדערע געשיר און נאך זיין עסען דארפען זיי סטעריליזירט ווערען אין הוים וואסער.

# FRIEND

# פריינד

אפיציעלער
ארגאן
פון
ארבייטער
רינג




## אינהאלט:





# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

E. H. JESHURIN, National Chairman
I. ALPERT, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary
L. ARKIN, Secretary National Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
R. SALTZMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.


# „קינדערלאַנד"

דאָס איז דער נייער אילוסטרירטער זשורנאַל, וואָס דער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט פון אַרבייטער־רינג גיט אַרויס מאָנאַטליך, פון יאַנואַר אָן, אונטער דער רעדאַקציע פון:

**י. ב. ביילין, י. ל. דראַגונסקי, יעקב לעווין און י. שטיינבוים**

מיט דער מיטאַרבייטערשאַפט פון די בעסטע אידישע שרייבער און קינסטלער.

סובסקריפּציאָנס־פּרייז: יערליך—$1.50; האַלב־יערליך—80 סענט.
איינציגע קאָפּיעס וועלען זיך פאַרקויפען צו 15 סענט אַ קאָפּיע.

**בּרענטשעס וואָס אָרדערען 10 קאָפּיעס קריגען 25 פּראָצענט ראַבאַט**

**לעזט פאָר פון דעם „קינדערלאַנד" פאַר אייערע קינדער און איר וועט אַליין אויך הנאה האָבען.**

---

## אַרבייטער־רינג ביבליאָטעק

קוקט איבער דעם צעטעל און זעהט וואָס אייך פעלט.

ביז אהער זיינער דערשינען אין אַרבייטער־רינג ביבליאָטעק פאָלגענדע ביכער. עטליכע פון זיי זיינען שוין אויספאַרקויפט. די איבריגע אָבער קאָן מען נאָך דערוויייל באַקומען. עס וועט אָבער אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַרום אויך אויספאַרקויפט ווערען. זעהט, אַז איר זאָלט נישט זיין צו שפּעט.

1) די וועלט און די מענשהייט (געזאַמעלטע לעקציעס). אויספאַרקויפט.
2) גאַנץ אַמעריקאַ, פון פיליפּ קראַנץ. אויספאַרקויפט.
3) באָטאַניק, פון אַ. ש. זאַקס — — — — — 40 ס.
4) היגיענע, פון דר. א. י. מעריסאָן — — 40 ס.
5) טרייד־יוניאָניזם, פון דר. ל. לעווין — — 40 ס.
6) סאָציאַליזם, פון דר. ח. זשיטלאָווסקי — 40 ס.
7) פיזיק, פון דר. אב. קאַספּע — — — — 40 ס.
8) אַסטראָנאָמיע, פון דר. ב. האָפמאָן — — $1.25
9) געאָלאָגיע (2 טייל), פון דר. אב. קאַספּע— 80 ס.
10) פּאָליטישע עקאָנאָמיע (2 טייל), פון אַ. ש. זאַקס. אויספאַרקויפט.
11) פּאָליטישע עקאָנאָמיע (3־טער טייל), פון אַ. ש. זאַקס — — — — — — — — — $2.50
12) פיזיאָלאָגיע (3 טיילען), פון דר. א. י. מעריסאָן — — — — — — — — — — — $1.80
13) זאָאָלאָגיע, פון דר. ב. האָפמאָן — — — $3.50
14) כעמיע, פון ס. פיינסטאָון — — — — — $2.50
15) אַריטמעטיק, פון ח. בורגין — — — — $3.00
16) די פיזישע ערציהונג פון קינד, פון ח. סאלוצקי — — — — — — — — — — $1.50
17) קאָאָפּעראַציע, פון א. סטאָלינסקי — — $1.50
18) קאַרל מאַרקס (ביאָגראַפיע) — — — — $1.00
19) די אידישע אַרב.־רינג שולען, פון יעקב לעווין — — — — — — — — — — — 20 ס.

**פאַר מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג קאָסטען אַלע ביכער אַ העלפט.**

THE FRIEND




דער פריינד

Vol. XII — March-April, 1921 — No. 3-4

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**אין לעצטען חודש** די אָנגעהויבענע סדרה מאַסאַטשוזעטס פאַרענדיגט שוין יעצט די ערשטע פּרשה. די יום־טובדיגע פרייד, וואָס האָט זיך, נישט־אומזיסט, צעגאָסען איבער אונזערע ברענטשעס, געהט שוין אריין אין נאָרמאַלע ראַמען. געוויס וועט די באָסטאָנער קאָנווענשאָן ווידער אויפהייבען זעהר חויך כוואַליעס פון ענטוזיאַזם, וואָס וועלען אריבערגעהן אַלע ברעגען, אָבער אונזערע וויטערדיגע טוערס הייבען אָן צו פילען, אַז מ'דאַרף זיך שוין נעמען צו מ ע ש י ם.

די פראַגען פון—„וואָס ווייטער?" מוז יעצט פאַרנעמען דעם אויבען־אָן נישט נאָר אין מאַסאַטשוזעטס, וואו עס הייבען זיך שוין אָן אויסצושמידען נייע, קרעפטיגע רינגען, נאָר אין אַלע ברענטשעס און אינסטיטוציעס פון אונזער אָרדען. מיט באַנקעטען אַליין וועלען מיר נישט ענטפערען אויף דעם אַלט־נייעם רוף: „א י י ן ארבייטער־רינג אין אַמעריקא!" מיט הוילען ענטוזיאַזם וועלען מיר נישט רעאַגירען, ווי עס געהערט צו זיין אויף דער נייער עפּאָכע אין דעם לעבען פון אונזער רינג, אין וועלכער מיר זיינען יעצט אריינגעטראָטען.

וואָס ווייטער? נישט נאָר אין דעם זינען פון נייע פאַראַנטוואָרטליכקייטען, וואָס די צייט וועט ממילא אויף אונז ארויפלייגען און מיר וועלען, ווי תמיד, אָנבויגען דעם אַקסעל און טראָגען אַלע אונזערע פליכטען, נישט נאָר אין דעם זינען פון נייע אינסטיטוציעס, וואָס וועלען סוף־כל־סוף עטאַבלירט ווערען און וואַקסען און געדייען, נאָר אין פּשוט'ען זינען: וואָס געהען מיר טאָן, אַ ל ע פון אונז, טוער און נישט־טוער, אַקטיווע און פּאַסיווע מיטגלידער פון אונזער אָרדען, ארייננצופירען אין אונזערע רייען די גרויסע מאַסען פון אונזערע אידישע ארבייטער־קוואַרטאַלען.

ווייל מיר דאַרפען זיך נישט נארען: דער לאָזונג פון „איין ארבייטער־רינג אין אַמעריקא קאָן נאָר דאַן האָבען אַ ממשות, ווען דער גרעסטער און געזונטסטער טייל פון די אידישע ארבייטער דאָ אין אַמעריקא וועלען שוין ווערען דורך אונז רעקרוטירט; ווען דער אַ. ר. וועט אין זיך אַמווייניגסטענס אריינגעמען צוויי־דריטעל פון די אידישע אָרגאַניזירטע ארבייטער. דאָס איז אַ פּראָצעס, אַ בויערענדער, אָפטמאָל אַ לאַנגזאַמער, און מיר האָבען נישט בדעה צו סטימולירען אַ קאַמפּיין מיט אַזאַ פאַנטאַסטישען לאָזונג, וואָס קאָן אין איין יאָר בשום אופן נישט פאַרווירקליכט ווערען. וואָס מיר ווילען יאָ, איז דערמאָנען אָן דעם כמעט פאַרגעסענעם קאַמפּיין פאַר הונדערט־טויזענט מיטגלידער.

מיר באַהאַלטען נישט אונזער גרויסע אַנטוישונג, וואָס מיר האָבען געהאַט אָט דעם יאָר אין דעם קאַמפּיין. די צייט מיט אירע גאַנגען און קאַפּריזען האָט זיך ברייט אריינגעמישט און האָט אום'ברחמנות'דיג צעשטערט אונזערע חשבונות. דער אינדוסטריעלער קריזיס און די נאָכפאָלגענדע ארבייטסלאָזיגקייט האָבען געמוזט אריינרייסען זיך ווי וועלף און פאַרצוקען אַלע אונזערע שיינע פּלענער. דער פאַרנעם איז געווען אויסגערעכענט פאַר אַ נאָרמאַלער צייט און אַזוי שנעל ווי אונזערע טוערס האָבען נאָר דערפילט, אַז סיי־ווי וועלען מיר נישט קענען גוטמאַכען אונזער פּלאַן, האָבען שוין פיל פון זיי אינגאַנצען אראָפּגעלאָזען די הענט און אָפּגעשטאַנען.

אָבער אונזער זיג אין מאַסאַטשוזעטס האָט געגעבען אַ פּלוצלונגען שטופּ פאָרווערטס דעם גאַנצען גאַנג פון אונזער קאַמפּיין. עס זיינען פאַראַן גרויסע מעגליכקייטען, אַז מיר זאָלען קומען קיין באָסטאָן מיט אַ היבשען וואוקס אין מיטגלידערשאַפט טראָץ דער אומגינסטיגער צייט.

עס איז נאָך געבליבען אַ מאָנאַט צייט ביז צו דער קאָנווענשאָן. עס קענען נאָך אויפגעטאָן ווערען וואונדער. מיר קענען נאָך קומען קיין באָסטאָן מיט דעם פאַראויסגעפּלאַנטען מספּר, ווען יעדערער פון אונז זאָל אין דעם מאָנאַט עפּעס טאָן פאַר'ן קאַמפּיין, ווען יעדערער פון אונז וועט דערפילען אין זיינע בלוטען דעם ריכטיגען מיין און באַדייטונג פון דעם רוף: „איין ארבייטער־רינג אין אַמעריקא!"

אַזוי לאַנג ווי פיר־פינפטעל פון אונזער ארבייטערשאַפט שטעהט נאָך אויסער'ן רינג, האָט דער לאָזונג נישט די ממשות'דיגע קראַפט.

זאָלען מיר זעהן, וואָס קענען מיר נאָך אויפטאָן אין דעם חודש! זאָלען מיר זעהן ווי אַזוי מיר פאַרשטעהען דעם רוף: „איין אַ. ר. אין אַמעריקא!"

* * *

**אין דעם ערגבערטען סטייט** דערפאַר דאַרף מען יעצט מאַסאַטשוזעטס נישט וועקען. זיי שלאָפען דאָרט נישט! פון דעם מאָמענט, וואָס די סטייט האָט פאַר אונז געעפענט אירע טויערען, דרעמלען שוין דאָרט נישט אונזערע הייסע פריינד, אונזערע פּיאָנערען־טוער: זיי האָבען נאָר געוואַרט אויף דער געלעגענהייט — און זיי האָבען זיך דערוואָרט. זידט טאַקע דאָרט אויף יעצט אַ קאָכיגע ארבייט. ברויזט עס אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דעם גרעסטען שטאַט אין ניו־ענגלאַנד.

אין באָסטאָן און אין וואָרסעסטער האָבען זיך שוין געגרינדעט די ערשטע ברענטשעס פון אַ. ר. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונגען און די אינסטאַלירונגען וועלען בלייבען אומפאַרגעסליך פאַר אַלע די, וואָס האָבען זיי ביינעוואוינט. י. באַסקין, אונזער

גענ.־סעקרעטאר, און קאנגרעסמאן מאיר לאנדאן, אונזער געזעץ־עקספערט און ראטגעבער, האבען אויפגעשטורעמט די צוהערער צו ליידענשאפטליכע אויסברוכען פון ענטוזיאזם. דאס ווייזט, ווי די ברייטע ארבייטער־מאסען אין מאסאטשוזעטס האבען פאר דער גאנצער צייט אין זיך געשטיקט די געפילען צום א. ר.; דאס צייגט, ווי ער האט זיי ביז אהער געפעלט. א לאנג פארשטיקטער געפיל רייסט זיך שטענדיג סוף־כל־סוף ארויס מיט א מעכטיגער קראפט.

א גרויסער יום־טוב'דיגער מאס־מיטינג איז אויך פארגעקומען אין ספריגפילד. דארט האט פר. יודיטש, דער טשערמאן פון דער נאצ. ארג. קאמ., אנגעהויבען די ארגאניזאציאנס־ארבייט, וואס וועט נישט אויפהערען ביז מאסס. וועט זיין א וויכטיגע און זיכערע ארבייטער־רינג פעסטונג.

* * *

**אויפקלערונג און ערציהונג**

אין דער בילדונגס־אפטיילונג פון א. ר. קומט ביסלעכווייז צו איין אינסטיטוציע נאך דער צווייטער. די א. ר. שול־באוועגונג לאזט נישט דורך קיין איין באדייטענדע שטאט. אומעטום ווערט געפארשט, געפלאנט און געבויט. די ארבייט איז פון אזא קאלאסאלען מאסשטאב, אז דער בילדונגס־אפאראט אין גענעראל־אפיס איז ווייט צו קליין געווארען, אז ער זאל קענען דעם איינעם צווייג אין בילדונגס־דעפארטמענט אליין ווי געהעריג באפרידיגען. לעצטענס איז צוגעקומען דער מאנאטליכער אילוסטרירטער קינדער־זשורנאל, וואס איז ווארעם אויפגענומען געווארען נישט נאר פון די גרעסטע צאל א. ר. שולען נאר אויך פון צענדליגע א. ר. ברענטשעס. עס זיינען דא א. ר. ברענטשעס, וואס האבען געגעבען זייער שטענדיגען באנדעלארדער פאר'ן „קינדערלאנד". ברענטשעס, וואס ארדערען נישט ווייניגער ווי 10 עקזעמפליארען, באקומען 25 פראצענט ראבאט.

דער טור מיט גענ. א. ראטמאן פון ווארשא ציט זיך שוין פון אנהייב יאר אן און ווערט נאך פארטגעזעצט. דער טור דעקט צענדליגער און צענדליגער שטעט אין דער גאנצער לענג און ברייט פון אונזער רעפובליק, ווי אויך אין אייניגע שטעט פון קענעדע. די שטעט, וואס האבען זיך נישט באנוצט מיט דעם לעקטשור־טור, מעגען געוויס חרטה האבען, ווייל די באריכטען פון די שטעט זיינען אויסערגעוויינליך גוטע און דריקען אויס זייער דאנק צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פאר'ן אראנזשירען דעם טור.

גענ. ראטמאן ווערט יעצט געשיקט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע אין די סטייטס פון פענסילוויינא, ניו יארק און קאנעקטיקוט, וואו ער וועט פארענדיגען דעם גרעסטען און דעם לענגסטען טור, וואס איז נאר אמאל אונטערגענומען געווארען פון ארבייטער־רינג.

---

**אן ענטפער אויף פראגען און אן עצה**

אין אן אנדער ארט אין דעם נומער, אין דער קארעספאנדענץ־אפטיילונג, וועט דער לעזער געפינען א בריף אין רעדאקציע פון פר. געלפאנד פון מינעאפאליס און א בריף פון פר. נ. ביילקאף פון שיקאגא. ביידע בריף זיינען וועגען „פריינד". פר. ביילקאוו פארזיכערט, אז פון זיין ברענטש לעזען מער נישט דעם „פריינד" ווי ארום צען פראצענט און ער אליין געפינט אויך נישט אין אים עפעס, וואס עס זאל דארפען אינטערעסירען אן ארבייטער. ער איז איינשטימיג מיט פר. סעמליווי פון בר. 3, אז דער „פריינד" דארף זיין מער געווידמעט צו געבען אנערקענונג די טוערס אין די ברענטשעס.

פר. געלפאנד ווידער האט גראד א פארקערטע מיינונג: ער פרעגט — צי נעמט אן די רעדאקציע מיטלען, ווי אזוי צו פארגרעסערן דעם „פריינד", ווי אזוי צו האבען גרעסערע און מער ארומנעמענדע ארטיקלען, ווי אזוי צו שאפען פאר אים אזא מאטעריאל, וואס פר. ביילקאוו פון שיקאגא וועט אים אנרופען, אז „ער פאסט זיך נישט פאר קיין ארבייטער."

אויב פר. ביילקאווס אפשאצונג איז ריכטיג, אז נישט מער ווי 10 פראצענט מיטגלידער פון זיין ברענטש לעזען דעם „פריינד", וואלט די לאגע געווען גאנץ טרויעריג. בר. 176 איז גראד איינער פון די אינטעליגענטסטע ברענטשעס, וואס מיר האבען אין א. ר., אויב דארט איז דער פראצענט לעזער אזא קליינער, איז ער אין פיל, פיל ברענטשעס נאך קלענער. עס איז אבער אינטערעסאנט פר. ביילקאווס מיינונג, אז די אורזאך פארוואס די איבעריגע 90 פראצענט לעזען אים נישט איז, וואס דער „פריינד" באשעפטיגט זיך נישט אויסשליסליך מיט א. ר. פראגען און אנגעלעגענהייטען, נאר ער גיט אויך פלאץ פאר אלגעמיינע זאכען און פראגען.

מיר גלויבען, אז פר. ביילקאווס אפשאצונג וועגען זיין ברענטש איז ניט קיין ריכטיגע. מיר זיינען אבער זיכער, אז זיין מיינונג וועגען דעם, וואס דער „פריינד" דארף זיין, איז אן איבערפלעכליכע. ווען די השערה וואלט געווען אמת, אז די מיטגלידער פון א. ר. זיינען אין קיין זאך אין דער וועלט ניט פאראינטערעסירט און זיי דארפען זיך נישט פאראינטערעסירען אויסער מיט'ן א. ר.—וואלטען אונזערע א. ר. ברענטש־מיטינגען שטענדיג געקאכט מיט 100 פראצענט באזוכער, א חוץ די, נאטירליך, וועלכע דער האספיטעלער האט אויף זיין ליסט אלס קראנקע. מיר וואלטען ארייננענומען יעדען מאנאט אמווייניגסטענס ארום 80 טויזענט נייע מיטגלידער, ווייל ווי שאפ עס א מענש נישט קיין איין נייעם מיטגליד אין א חודש פאר' א. ר., ווען קיין זאך אין דער וועלט אינטערעסירט אים נישט אויסער דער א. ר.

מ'פארגעסט, אז דער דורכשניטליכער א. ר. מיטגליד איז א דורכשניטליכער מענש. אזעלכען אינטערעסירט אלץ, וואס האט בכלל א מענשליכען אינטערעס. אלס א. ר. מיטגליד אינטערעסירט ער זיך אויך, אדער דארף זיך אינטערעסירען אויך, מיט א. ר. און אנדערע ארבייטער־פראגען. אים קאן אינטערעסירען אן ערציילונג, א ליד, א פאבעל, א קריטישע ארטיקעל, א קורצע אפהאנדלונג וועגען א טאג־פראגע, וועגע א. ר. פראגע, א. א. וו.

אין די ראמען, וואס מיר האבען, טוט די רעדאקציע אלץ וואס אין אירע כחות, צו געבען אין „פריינד" אזוי פיל ווי מעגליך פון דעם מאטעריאל.

מיר ציען די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע לעזער אויף א רייע וויכטיגע מיטארבייטער, וואס דער „פריינד" האט זיך לעצטענס ערווארבען און וועמענס ארטיקלען וועלען גאנץ אפט ערשיינען אין „פריינד". פון פובליציסטען אזעלכע, ווי וולאדימיר מעדעם, פראפעסאר אליהו חפץ און מאריס ווינטשעווסקי. פון בעלעטריסטיק אזעלכע ווי יעקב קרעפליאק און י. קיסין (י. גארניצקי) פון דיכטער אזעלכע, ווי יצחק קאצענעלסאן, מלך ראוויטש און י. י. שווארץ. מיר האבען באשטעלט ביי דר. י. א. מעריסאן א סעריע מעדיציניש־היגיענישע ארטיקלען, ביי ל. לאקסאן א סעריע היסטארישע אפהאנדלונגען וועגען דער עפאכע פון רענעסאנס, וואס הייבט זיך אן שוין טאקע אין דעם נומער.

מיר ציען ספעציעל די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע לעזער אויף די סעריע קריטישע ארטיקלען, פראזע פאר קינדער, פון ש. ניגער, וואס הייבט זיך אן אין דעם נומער אויף די מערקווירדיג שיינע לעגענדע „דאס אייביגע לעבען" פון יעקב קרעפליאק, אויף די פאפולער־וויסענשאפטליכע סעריע פון ל. באראדולין, וועגען פראפעסא

(ענד אויף זייט 8)

# די בלאקאדע ארונטערגענומען

פון יעפים ישורין
(נאציאנאלער טשערמאן פון ארבייטער־רינג)

מאסאטשוזעטס סטייט האט זיך געפונען גאנצע 12 יאר צייט אונטער א שטרענגער בלאקאדע פאר'ן ארבייטער־רינג; א בלאקאדע, דורך וועלכער עס איז געוועזן אונמעגליך זיך דורכצוריסען, טראצדעם וואס דער ארבייטער־רינג האט געהאט אזא שטארקע, דיסציפלינירטע און קאמפס־פעהיגע ארמיי פון אריבער דריי פערטעל הונדערט טויזענט סאלדאטען, באזיצענדיג אלע פעהיגקייטען, אפפערווילינגקייט און העלדענשאפט, וועלכע זיינען א נויטווענדינקייט אין פירען א קריג. אט די ארמיי איז געפירט געווארען אויפ'ן שלאכטפעלד פון די פעהינסטע גענעראלען און סטראטעגיקער, וועמענס אויפגאבע עס איז געווען צו פארבערייטען אלע פלענער פאר די אפענסיוועס, וואס האבען געדארפט געמאכט ווערען פון צייט צו צייט. אויסער העלדענשאפט און סטראטעגיק, איז די קריגס־פירענדע ארמיי געווען באזארגט מיט אמוניציע אויף א געהעריגען אופן, אן וועלכער קיין קריג, זאגאר א בירגערליכער, קאן ניט געפירט ווערען.

אנגעהויבען האט זיך דער דאזיגער דויערהאפטער קריג מיט א גרויסער און פירכטערליכער שלאכט; א שלאכט, וואס וועט פארצייכענט ווערען אין דער א.־ר. געשיכטע אלס איינע פון די זאנדערבארסטע. דער שונא האט זיך באנוצט מיט אלע מאדערנע מיטלען, צו פארניכטען די ארמיי פון א.־ר. אין אן ענטשיידענער שלאכט, ארויסשטעלענדיג די שווערסטע ארטילעריע, מיט די ניגאנטישע האוויטצער פון איין זייט, מיט דער רייטענדער קאוואלעריע פון דער צווייטער זייט, און פון דער דריטער זייט באנוצענדיג זיך מיט אלע מאדערנע שטיקענדע כעמישע שטאפען און גאזען.

דער רעזולטאט פון דער שלאכט איז געווען, אז א טייל פון דער א.־ר. ארמיי איז אריינגעפאלען אין לאגער פון דעם שונא און איז געשטעלט געווארען צו א „קריגס־געריכט“, וועלכער האט אבער, אונטער דעם דרוק פון דער עפענטליכער מיינונג, געמוזט אפקומען מיט לייכטע שטראפען. וואס דעם שונא האט אבער יא געלונגען, איז, אז דער איבעריגער טייל פון דער ארמיי, וועלכער האט העלדיש, ביז דער לעצטער מינוט, פארטיידיגט זיינע פאזיציעס אויף דער גאנצער ליניע, האט אפגעטראטען אין פאלשטענדינער ארדנונג. די גאזען און כעמישע שטאפען, וואס זיינען געברויכט געווארען פון דעם שונא אין א מאמענט פון פארצווייפלונג, האבען געשטיקט די בראווע קעמפענדע סאלדאטען, און אזוי זיינען זיי צעשפרייט געווארען אין אלע טיילען פון מאסאטשוזעטס סטייט.

טראצדעם וואס די גאנצע ארמיי איז אויף א מאמענט דיסארגאניזירט געווארען אונטער דעם דרוק פון דעם פירכטליכען שלאכט, איז אבער דער גייסט און דער באוואוסטזיין פון יעדען איינציגען סאלדאט ניט געענדערט געווארען אויף א האר.

אזוי שנעל ווי דער מלחמה־גייסט איז עטוואס פארשוואונדען געווארען, אזוי שנעל ווי די פארוואונדעטע סאלדאטען האבען אויסגעהיילט זייערע וואונדען, האבען געבראכט אין ארדנונג זייערע צערואינירטע הייזער, אזוי שנעל ווי זיי זיינען געקומען אין בארירונג מיט זייערע מיטברידער אין אנדערע טיילען פון לאנד, אויסערהאלב די גרעניצען, וואו די מלחמה איז געפירט געווארען, האט זיך אנגעהויבען א פיבערהאפטע טעטיגקייט ווידער אויפצולעבען אלץ, וואס ס'איז דורך דער גרויזאמער ווירקונג פון דעם קריג אזוי פלוצלונג און אומבארעמהערציג פארניכטעט געווארען.

די באזיגטע ארמיי איז באוואונדערט געווארען פון יעדען וואס האט זיך מיט דעם שטרייט פאראינטערעסירט, פאר דעם העלדישען קאמף, וואס זי האט געפירט, און די זיגער פון צווייטען צד זיינען פאראכטעט געווארען פון אלעמען, פאר די בארבארישע מיטלען, מיט וועלכע זיי האבען זיך באנוצט אנפירענדיג זייער קריג, און וואס האט געשמעקט מיט אלטערטום.

האבענדיג די סימפאטיע און מאראלע אונטערשטיצונג פון אלע פעלקער און „שכנ'ישע מלוכות“, האבען די צעזייטע און צעשפרייטע סאלדאטען זיך אנגעהויבען ארגאניזירען אלס אן אוואנגארד פון דער ארגאניזאציע, פון וועלכער זיי זיינען א טייל און וועלכע האט זיי פארשפראכען צו נעמען אונטער איר שוץ.

די ארגאניזאציע האט זיך א נאמען געגעבען „פעלקער־ליג“. דאס איז אבער געווען אויף אזוי פיל, וויפיל דאס געזעץ האט געפאדערט. אבער אין דער ווירקליכקייט איז עס אין גייסט, אין אירע טראדיציעס, איר צוזאמענשטעלונג און אין לעבען געווען א קאפיע — אמת, אין מיניאטור — פון דעם גרויסען און מעכטיגען רינג, וועלכער האט אויף קיין איין מינוט ניט פארפעלט צו האלטען די „פעלקער־ליג“ אונטער זיין שוץ.

וואונדערליך, ווי די ארמיי פון דער „פעלקער־ליג“ האט זיך באצויגען צו דעם גיגאנטישען רינג, האבענדיג דעם פולסטען צוטרוי צו דעם פארשפרעכען, וואס איז אזוי הייליג געגעבען געווארען, צו קומען זיי צו הילף אין יעדען מאמענט פון נויט, און האבענדיג שטענדיג אין זינען, אז די „פעלקער־ליג“ וועט פריהער אדער שפעטער אויסגעלייזט ווערען פון דעם גלות, אין וועלכען די „ליג“ האט זיך געפונען, און דאס ענדליך וועט קומען א מאמענט, ווען די צוויי פארוואנדטע ארמייען וועלען צוזאמענגעגאסען ווערען אין איין מעכטיגען רינג.

האבענדיג א שוואכע און אומבאדייטענדע ארמיי, איז די „פעלקער־ליג“ אונטערווארפען געווארען פילע שוועריגקייטען. דער גייסט און דער ענטוזיאזם פון אט דער ארמיי איז געבליבען א קלארער, אבער דער שווערער דרוק פון דער בלאקאדע, מיט וועלכער דער שונא האט ארומגערינגעלט די ארמיי פון דער „פעלקער־ליג“, האט געווירקט זעהר שווער. דער „גיגאנטישער רינג“ האט געוואלט קומען צו זיי וואס שנעלער און ערלייזען די דאזיגע „ליג“ פון אונטערדריקונג, אבער די בלאקאדע האט אלע מאל צעשטערט אט די פלענער, און אזוי איז די בלאקאדע אנגעהאלטען געווארען גאנצע צוועלף יאר צייט.

די פארזוכען צו ברעכען די בלאקאדע זיינען געמאכט געווארען יאר איין, יאר אויס, און יעדער פארזוך האט געבראכט נייע און ווידער נייע אנטוישונגען. אבער דאס האט ניט צוריקגעהאלטען דעם „גיגאנטישען רינג“ צו מאכען ווייטערע פארזוכען, ביז וואנען דער „רינג“ האט זיך אנטשלאסען צו מאכען איין מאל פאר אלע מאל א שטורעמדיגע אפענסיווע.

די גאנצע מאשענעריע איז געשטעלט געווארען צו דינסט פון דער דאזיגער אפענסיווע. אלע כחות זיינען קאנצענטרירט געווארען ארום אט דער פעסטונג, האבענדיג צו דערזעלבער צייט די אונטערשטיצונג פון דער גאנצער ארמיי. און מערקווירדיג: קיין באמבארדירונג פון די פעסטונגען האט זיך ניט געפאדערט, קיין בלוט־פארגיסונגען זיינען ניט פארגעקומען, קיין כעמישע שטאפען און גאזען זיינען ניט געברויכט געווארען און אויף א פרידליכען און ציוויליזירטען אופן איז דער צויבערהאפטער קאמף געוואונען געווארען.

מאנטאג, דעם 31טען יאנואר, 1921, אום 10 מינוטען נאך 4, איז געשעהען דאס, וואס עס האט נאטירליכערווייזע געדארפט פארקומען. אין דעם אויבער־דערמאנטען מאמענט איז ארונטערגענומען געווארען די בלאקאדע, וואס איז פארבונדען געווען מיט אזוי פיל היסטארישע געשעהענישען און אפפער פון די בראווע און מוטיגע סאלדאטען פון דער „פעלקער־ליג“.

דער רעקארד און האלטונג פון דער „פעלקער־ליג“ און דעם „גיגאנטישען רינג“ האבען געצוואונגען די יעניגע, וועלכע האבען אנגעהאלטען די בלאקאדע, זי ארונטערצונעמען און דאמיט עפענטליך אנטשולדיגען זיך פאר דער גאנצער וועלט, פאר דער אומפארדינטער באהאנדלונג, וועלכע איז געגעבען געווארען צו די, וועלכע זיינען אין פארלויף פון אזוי פיל יארען געהאלטען געווארען אונטער א בלאקאדע.

די יעניגע, וועלכע האבען אונז באזיגט מיט צוועלף יאר צוריק, מעגען זיך נעמען א מוסטער פון דער האלטונג פון אונזער ארגאניזאציע, וואס האט אזוי פיל געאפפערט אין אט דעם קריג.

דער צוקונפטיגער היסטאריקער וועט אונז ניט קאנען פארציי־כענען קיין איין־איינציגען פארוואורף, ווייל מיר האבען אין פארלויף פון דער גאנצער צייט געהאנדעלט אזוי ווי עס האט געפאסט פאר אזא ארגאניזאציע ווי מיר זיינען, און ניט אומ־זיסט ווערט דער ארבייטער־רינג באוואונדערט אלס איינע פון די ערפאלגרייכסטע אידישע ארגאניזאציעס אין דער וועלט.

מיר האבען געקעמפט אזוי ווי עס האט געפאסט פאר א סאציאליסטישער ארגאניזאציע. מיר האבען געדולדיג געווארט אויף דעם מאמענט, ווען די בלאקאדע וועט ארונטערגענומען ווערען. אמת, עס איז אונז אנגעקומען זעהר שווער: מיר האבען געדארפט אויסשטעהן פילע שוועריגקייטען, אבער דער־פאר וועט אונזער באלוינונג זיין דאס, וואס אונזער געוויסען וועט זיין פריי פון די פארשידענע כעמישע שטאפען און גאזען, וועלכע האבען געצוואונגען אונזערע קאמעראדען אפצוטרעטען פון זייערע פאזיציעס אויף א געוויסער צייט . . .

דער שרייבער פון די ציילען האט געהאט דאס גליק און די גרויסע עהרע בייצואוואוינען דעם מאמענט, ווען דער באפעל ארונטערצונעמען די בלאקאדע געגען ארבייטער־רינג איז גע־געבען געווארען. א הערליכער מאמענט איז עס געווען פאר מיר און פאר די, וועלכע זיינען געווען די אפיציעלע פארטרע־טער פון א.־ר. ביי דער ראזינגער היסטארישער פאסירונג.

עס ווילט זיך ניט גלויבען, אז די בלאקאדע עקזיסטירט ניט מער. פראנק און פריי קאנען מיר זיך באוועגען איבעראל. אז מען לעבט און מען האפט, דערלעבט מען זיך.

# א בריוועל פון דער ווייטער וועסט

## פון אב. עפשטיין

מיין ליבער פריינד און גענאסע י. ב. ביילין:

אייער טעלעגראמע, אין וועלכער איר בעט מיר צו שרייבען פאר'ן „פריינד" מיינע זכרונות אין פארבינדונג מיט אונזער לאנגען קאמף אין מאסאטשוזעטס סטייט, דערהאלטען. איך דאנק אייך הערצליך. צו מיין גרויסען באדויערן, איז עס פאר מיר איצט אוממעגליך. איך טו איצט אזא ארבייט, וואס פא־דערט פון מיר מיין גאנצע צייט און אויפמערקזאמקייט, מיין גאנצער דענקונגס־אפארט איז איצט קאנצענטרירט אויף דעם געביט פון וועקען דעם אידישען עולם צו זייער הייליגער פליכט, צו העלפען אונזערע שוועסטער און ברידער אין די פאראומ־גליקטע לענדער. אחוץ דעם איז עס פשוט פיזיש פאר מיר זעהר שווער: איך דארף כמעט יעדען אנדערן טאג זיך שלעפען פון איין שטאט אין דער צווייטער.

איך וויל אייך אבער בעטען, איר זאלט מיר דערלויבען דורך די שפאלטען פון אונזער „פריינד" צו באגריסען אונזער נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע, אלע מיטגלידער פון אונזער ארבייטער־רינג און אויך די מיטגלידער פון אונזער לייבאר־ליג, מיט אונזער גרויסען און ערפאלגרייכען זיג אין אונזער אומ־ערמידליכען און לאנגען פופצען־יעריגען קאמף צו לעגאליזירען דעם א.־ר. אין מאסאטשוזעטס סטייט.

מיט טרערען אין די אויגען פאר גרויס שמחה האב איך אין „פארווערטס" געלעזען די פרייליכע נייעס, אז דער א.־ר. האט ענדליך געקראגען א טשארטער אין מאס. סטייט.

אפשאצען אט דעם גרויסען זיג און פילען די גרויסע שמחה, קאנען נאר די מיטגלידער, די טוער אונזערע, וועלכע האבען אליין דעם קאמף, דעם שווערען ביטערען קאמף, געפירט.

מיין הארץ איז פול מיט פרייד, איך בין גליקליך, וואס איך בלייב ניט קיין נביא־השקר. א יך האב מערערע מאל פארזי־כערט דעם לייבאר־ליג, אז מיר וועלען לעגאליזירט ווערען ביי זיי אין סטייט. מיין פארזיכערונג איז פארווירקליכט געווארען. מיין פרויע, וואס איך האב אמאל איז באסטאן אויסגערופען: „א י י ן ארבייטער רינג אין אמעריקא" — ווערט קירצליך א פאקט. א, ווי גליקליך אין בין! וואו נעמט מען די ווערטער, איך זאל קאנען אויסדריקען מיינע איצטיגע געפילען.

עס ציט מיך איצט אין ניו־יארק, אין אונזער גענעראל־אפיס, אין באסטאן, אין אפיס פון לייבאר־ליג. עס ווילט זיך דריקען די הענט פון דער גרויסער צאל טוער אין אונזער א.־ר. און אויך אין ל.־ל. עס ווילט זיך אלעמען ארומנעמען, קושען און צוזאמענמישען א הייסען פריידענס־טרער. אך! וואו נעמט מען פלינלען? א שרעקליכע בענקעניש נעמט דורך מיין גאנצע נשמה.

זייט געגריסט, פריינדע פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, זייט געגריסט, מיטגלידער פון א.־ר., מיט אונזער גרויסען זיג און מיט די דריי טויזענט נייע רעקרוטען, וואס שליסען זיך אן אין אונזער גרויסער ארמיי! א נייער שטראם פון הייס, רויט בלוט וועט ארייפליסען אין אונזערע אדערן.

זייט געגריסט, פריינד, טוער און מיטגלידער פון לייבאר־ליג! אייער לאנגער חלום ווערט פארווירקליכט. איר האט עס כשר פארדינט. איך האב אייך די גאנצע צייט פון אונזער קאמף באטראכט פאר אמת'ע מארטירער. איר האט אייער מיסיאן דורכגעפירט ווי אמת'ע העלדען. איר זייט די גאנצע צייט געשטאנען אלס די שוץ־וואנט געגען די, וואס האבען גע־וואלט דעם ארבייטער־רינג ברעכען. א י י ך, און נאר אייך, האבען מיר זעהר פיל צו פארדאנקען פאר אונזער ערפאלגרייכען זיג. עס קומט אייך א גרויסען דאנק פאר אייער טרייהייט און איבערגעבענהייט צום א.־ר., פאר אייער מערקווירדיגען מוט, געדולד און אויסדויער.

צוזאמען אין די רייהען פון ארבייטער־רינג זאלען מיר קעמפען פאר א שענערער און ליכטיגערער וועלט!

# א פערדישער באגריף

(פאבעל)

## פון נחום י.

א פערד, באמערקענדיג ווי אפטמאל קומט ארויף
צום פויער אויפ'ן הויף
דער הונגעריגער פוקס אין מיטען נאכט,
און קוקט זיך אום צעטראגען און פארשמאכט
אין אלע זייטען,
צי שטעהט א פאסטעך ניט פון ווייטען,
האט קייענדיג דאס היי געטראכט:
— „מיך וואונדערט, וואס ביי לייטען
איז אנגענומען אז דער פוקס איז קלוג.
איך וואלט, אין פלוג,
פאר זיין פארשטאנד קיין האבער־קערענדעל ניט געבען,
אז פאר א הינדעל, צי א דארען האן,
איז רעכט ביי אים איינצושטעלען אין קאן
זיין לעבען!" . . .
איך האב ניט קיין פאראיבעל אויף דעם פערד:
כ'האב אויך פון גוטע פריינד די זעלבע רייד געהערט.

# מאַנדלען

(א פורים־מעשה)

פון י. ב. ביילין

„שטיי אויף, זון מיינער, זלמן איז היינט עפּעס נישט מיט אלעמען; דו וועסט שוין היינט דארפען פאנאנדערטראגען די שלח־מנות!" — האט די מאמע פארזיכטיג געוועקט דעם שטארק פארשלאפענעם אינגעל.

לייבעל האט עטליכע מאל געפּרואווט עפענען די אויגען און א הייב טאן זיך, אבער זיין קאפּ איז צוריק אראפּגעפאלען, ווי עס וואלט געווען א שטיק בליי. ער האט נעכטען אין אווענט געטופּעט מיט די פיס יעדעס מאל, ווען המנ'ס נאמען איז דערמאנט געווארען אין דער לאנגער מגילה און מיט זיינע גאנצע כחות האט ער געשוואונגען דעם המן־קלאפער, ווי א וועכטער, וואס שטורעמט דעם סיגנאל־גלאק בשעת א שׂרפה. ער איז געווען זעהר מיד. אין מוח האבען זיך נאך ביי אים געפלאנטערט פאנאנדערגעריסענע חלומות אויסגעמישט מיט דער המן־קלאפעריי פון נעכטען. עטליכע מאל האט זיך אים אפּגעדאכט, ווי ער שלעפּט זרש'ן פאר די האר און שרייט א הייזעריגער: מכשפה, מכשפה!

מיט אמאל האט ער קלאר אויפגעכאפּט די מאמעס לעצטע ווערטער: „דו וועסט שוין היינט דארפען פאנאנדערטראגען די שלח־מנות!"

— צי איז עס ווידער נישט קיין חלום? — קלערט ער זיך און רייסט פאנאנדער מיט גרוים אנשטרענגונג די האלב־פארקלעפּטע אויגען.

דאס איז טאקע די מאמע! און זי זאגט עס אים, אז ער וועט פאנאנדערטראגען די שלח־מנות. א, ווי גוט עס איז! — גיט עס אים א זונג אין די ביינער: — שלח־מנות! ער גיט זיך א ריס פון געלעגער, ווי א יונגער קאטער, ווען מ'ווייזט אים פון דערווייטענס א שטיקעל פלייש. ער האט זיך אנגעטאן אזוי גיך, ווי ער האט דאס נאך קיינמאל נישט געטאן, אוועקגעלאפען אין שול און הארטען האט ער זיך באַרימט פאר אלע זיינע חברים, אז ער וועט היינט פאנאנדערטראגען שלח־מנות, נישט זלמן.

— פארוואס נישט זלמן? וואו איז אין ערגעץ זלמן? — האבען אים די קינדער אין איין קול געפרעגט.

— זלמן איז עפּעס נישט געזונט! — האט ע' אויסגעשריען מיט א שמחה, וואס איז אים אוממעגליך געווען צו באהאלטען. ער האט זיך אבער באלד דערמאנט, אז מ'טאר זיך נישט פרייען, ווען א ברודער איז קראנק, און האט האלב־פארשעמט צוגעגעבען:

— איך פריי זיך נישט וואס זלמן איז קראנק, אסור אויב איך פריי זיך!

פון אלע ארומיגע קינדער איז נאר געווען איינער א חוץ אים, וואס האט געהאט דאס גליק צו זיין א בן־יחיד און האט זיך אויך געפרייט מיט דעם געדאנק, וואס שפּעטער אביסעל וועט ער טראגען שלח־מנות און אלע זיינע חברים וועלען אים מקנא זיין. ער האט זיך צוגערוקט צו לייבלען און האט אים ארומגענומען ארום האלז, כדי מיט דעם צו ווייזען, אז זיי זיינען ביידע היינט וויכטיגע יחסנים.

— איך האב דאך שוין פאראיארען אויך געטראגען שלח־מנות! — האט ער זיך גערימט. — געדענקסט, פייוועל, ווי איך האב דיר אראפּגעגעבען א צוקעריל?

פייוועל, א בלאסער אינגעל מיט גרויסע קארשען־אויגען, דערמאנט זיך אין דער גליקליכער שעה פאראיארען, ווען ער האט באגעגענט דעם קליינעם מאיר'ל מיט דעם שלח־מנות־טעלערל און דער זיס־זויערער צוקערקע, וואס ער האט נאך אזוינס צייט ער לעבט נישט געהאט . . .

און לייבעל נעמט אויך ארום מאיר'ן און ביידע יחסנים שטראלען פון גליק און זיי דוכט זיך, אז די גאנצע שול אידען קוקען אויף זיי, אז יעדערער פרייט זיך צוזאמען מיט זיי, וואס זיי וועלען טראגען היינט שלח־מנות.

צו דער מגילה האט לייבעל ווידער גע'רעש'ט מיט זיין המן־קלאפער. היינט האט ער אים געהאט אינגאנצען אליין. נעכטען האט זלמן געקלאפּט ביי איין קאפּיטעל און ער ביי א צווייטען. אים האט זיך אפילו געדאכט, אז זלמן האט אים אפּגענארט און האט אזוי אויסגעמארקירט, אז אין די לאנגע קאפּיטלען, וואו מ'דערמאנט אלע ווײלע המנ'ען, זאל ער קלאפּען. אים האט ווידער אין הארצען גרוים הנאה געטאן, וואס זלמן איז היינט נישט געזונט און איינמאל איז אים אפילו דורכגעלאפען א געדאנק אין קאפּ: כ'אלט ער נאך נעכטען קראנק ווערען! ער האט זיך בשעת מעשה ארומגעקוקט און נעשראקען זיך, טאמער האט אימיצער געהערט דעם געדאנק, וואס האט ביי אים אויף איין רגע דורכגעבליצט אין קאפּ.

לייבעל האט זיך שוין נישט געקענט דערווארטען. אין די אויערן האט אים אן אויפהער געקלונגען אלץ: שלח־מנות, שלח־מנות! אים איז אויסגעקומען, אז די מגילה איז היינט נאך לענגער ווי נעכטען, און צום סאמע אויסלאז איז אים שוין נמאס געווארען דאס קלאפעריי, און האט געגעבען פייוועלען דעם המן־קלאפער עטליכע מאל א קלאפּ צו טאן. פייוועל האט אים דערפאר ווי געבענשט מיט זיינע שווארץ־סאמעטענע אויגעלעך און געהענדיג דערנאך צוריק אהיים האט ער שוין געקלעפּט צו אים אויפ'ן גאנצען וועג.

ווען לייבעל איז אהיים געקומען, איז זיין שמחה א היבש ביסעל צעשטערט געווארען פון זיין מוטערס אומעטיגקייט און אומרוהיגקייט.

„באשערט צו האבען א פארשטערטען יום־טוב!" — האט זי געזיפצט פאר דער שכנה, וואס איז אריינגעקומען עפּעס בארגען. — דער דאקטאר זאגט, אז ער האט א מאנדעל־אנטצינדונג, כאטש זאל גאט געבען, אז לייבעל זאל זיך נישט אננעמען, ס'איז א זאראזשליווע קראנקייט, האט ער געזאגט.

לייבלען איז פארגעקומען, ווי די שעה'ן ציען זיך שוין צו לאנג. ער האט זיך קוים געקענט דערווארטען ביז פארנאכט, ווען די מוטער האט אים אויסגעריכט מיט צוויי טעלערלעך שלח־מנות, שטייף איבערגעצויגען מיט ריינע, ווייסע טאשענטיכלעך. אין יעדען טעלערל איז געלעגען א מאראנץ, א שטיקעל טארט, עטליכע ניס און א גרינליכע מארמאליאדע. אבער אים איז אפילו גאר נישט איינגעפאלען עפּעס אראפּצונעמען פאר זיך פון דעם שלח־מנות. ער האט אויף זיך נעקוקט ווי אויף א זעהר וויכטיגען שליח, וואס איז גרייט צו פארטיידיגען די אנפארטרויטע זאך אפילו מיט זיין לעבען.

לייבעל האט צו געהן א היבש שטיקעל וועג, דורך פארשידענע גאסען — זיין פעטער וואוינט שוין פון יארען לאנג אין יענער גביר'שער גאס. עס וואוינט אויך אויף יענער גאס זייער רייבע קרובה, פאר וועמען די מוטער האט נישט לאנג צוריק געקויפט יארצייט־ליכט און פאר וועמען ער טראגט דאס די צווייטע טעלערל. אבער לייבלען ארט נישט, וואס ער דארף געהן אזוי ווייט. פארקערט: ער וואלט וועלען אזוי געהן שעה'ן און שעה'ן און וואלט, דאכט זיך, קיינמאל נישט מיד ווערען. ער פילט, אז יעדער איינער אין גאס קוקט אויף אים, אויף לייבלען, וואס פאר א וויכטיגע שליחות ער פירט דאס דורך . . .

. . . שוין געווען ביים פעטער. עס האט דארט געבלאנקט פון ליכט און רויטע פלעשער ווײן אויף די טישען. אבער מ'האט אים אפילו קיין גענוג צייט נישט געגעבען אנצואווארעמען זיך. עפּעס האט א מויד אראפּגענומען עטליכע זאכען פון טעלערל. עטליכע אנדערע זאכען ארויפגעלייגט און אים גלייך אוועקגעשיקט, ארייננפּרעסענדיג אים אין האנט א הארטען זעקסער.

און די מאמע האט דאס נאך אים געזאגט, — אז מ'וועט אים ביים פעטער געבען א זילבערנעם גילדען!

דערפאר האט אים די מאדאם גינצבערג שוין איינמאל גוט אויפגענומען! זי האט אים געגעבען טרינקען ווײן מיט אזא גרויסער שטיק טארט, וואס האט געהאט א ברוינעם צימערינגשרונד אין מיטען. דערנאך האט זי אים אוועקגעזעצט צו זיך אויפ'ן שויס און געריבען מיט אירע גלאטע, פעטליכע פינגער זיינע פארפרארענע הענטלעך.

און וואס פאר א שיינע זאכען זי האט עס אומגעקערט אין איר שלח־מנות! אזעלכע שיינע געטראלזטע, טרוקענע

ווײַן־טרויבען, א הענגעל טייטלען מיט אזעלכע חנ'עווריצע איינגעפרעסטע בעקלעך, כל המינים קאלירטע צוקערקעס און מאנדלען, אזעלכע גרויסע און פולע!

ווען לייבעל האט דערזעהן די מאנדלען, האט ער דערפילט ווי א מאדנעווארעמקייט האט זיך אים א נאס געטאן איבער'ן הארצען. ער האט דאס נאך קיינמאל נישט פארזוכט. נישט לאנג צוריק האט ער זיך געבעטען ביי א חבר זיינעם, וואס האט אין ערגעץ געפונען א מאנדעל, אז ער זאל אים געבען א האלבען, א פיצעלע כאטש, צו פארזוכען, אבער דער חזיר האט עס אליין אויפגעכראמשקעט און אים אפילו קיין לעק נישט געגעבען!

יעצט האט ער אליין מאנדלען, און נאך וויפיל — א גאנצען בארג.

— וואלט ער זיי כאטש געקענט איבערציילען! — געהט ער אחיים און קלערט שוין וועגען קיין זאך נישט א חוץ וועגען די מאנדלען. ער האט שוין אפילו פארגעסען אן דעם נייעם פערציגער, וואס די מאדאם גינצבערג האט אים געגעבען פאר זיין שליחות. ער איז איינגאנצען געווארען פארטאן אין צערייצטע געדאנקען וועגען די מאנדלען.

— איך מוז איינעם גלייך פארזוכען! — באשליסט ער ביי זיך, און כדי נישט חרטה צו האבען, נעמט ער גלייך ארויס א מאנדעל פון אונטער דעם טיכעל און צעקנאקט אים.

— נישט אומזיסט האט אים בערקע אפילו א פיצעלע נישט געוואלט געבען — ס'איז דאך אזוי גוט!

און ווי פון־זיך האט זיך נאכאמאל געגעבען א ציה דאס הענטעל און ארויסגענומען צוויי מיט אמאל.

— מער נישט, זאל איך קראנק ווערען, אויב כ'וועל נעמען מער! — שווערט ער ביי זיך אין הארצען און צערייבט די אויפגעקנאקטע מאנדלען אונטער זיינע ציין, ווי מאן . . .

ער געהט ווייטער. אין מויל האבען זיך ביי אים פאנאנדערגעשפילט פארשידענע טעמים און זאפטען, וואס ער האט נאך קיינמאל נישט פארזוכט. ווי קען מען זיך דאס איינהאלטען, ס'איז דאך אזא חיות!

— איך וועל נעמען נאך איין־איינציגען! — גיט אים א שאס א געדאנק אין קאפ.

— האסט דאך אבער געשווארען! — גיט אים א קלונג אין רעכטען אויער, ווי אימיצער וואלט עס אים אריינגעשריען.

— איך האב דאך זיך נישט געשווארען מיט מיין מויל — דערמאנט ער זיך — און עס ווערט שוין רעכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אז לייבעלס מאמע האט אויסגעליידיגט דאס טעלערל שלח־מנות פון מאדאם גינצבערג, האט זי שוין דארט קיין מאנדלען נישט געפונען. עס איז איר אפילו גארנישט איינגעפאלען, אז עס איז דארט געווען נענוג פון דעם מין, איבער גענוג, און לייבעלע האט זיי אויפ'ן וועג ביז איינעם אויפגעגעסען.

שפעט ביינאכט האט זי געהערט, ווי לייבעל קרעכצט און ווארפט זיך אומרוהיג אויף זיין געלעגער. זי האט עטליכע מינוטען אויפגעהארכט. ער איז נישט שטילער געווארען. פארקערט: ער איז געווארען אלץ אומרוהיגער און קרעכצענדיגער.

לייבעל האט געהאט שטארקע מאגען קראמפען און עס האט אים געווארפען אין צענדלינגער היץ־חלומות.

— וואס איז דיר, זון מיינער, וואס איז דיר? — האט זי זיך ביי אים געבעטען, צוגעהענדיג צו זיין בעט און אוועקלייגענדיג איר קילע האנט אויף זיין הייסען שטערן.

— מאנדלען... כ'האב געשווארען... מאנדלען... — האט ער פון האלבען שלאף ארויסגעשטאמעלט.

— וויי איז מיר! דאס קינד האט זיך שוין אנגענומען די מאנדעל־אנטצינדונג! — האט די מוטער פארצווייפעלט גענומען יאמערען. — דער דאקטאר האט מיר אנגעזאגט, אז עס איז א זהראזשליווע קראנקייט...

— מאנדלען... געשווארען זיך... מאנדלען — האט נאך אלץ לייבעל פון חלום גערעדט און געווארפען זיך אין פיבער.

---

## פון מאנאט צו מאנאט

(ענד פון זייט 4)

איינשטיינס טעאריע, ווי אויך אויף דעם אנהייב פון משה כצ'ס ארטיקעל „דער דריטער אינטערנאציאנאל". — די אלע ארטיקלען הייבען זיך אן צו דרוקען אין דעם נומער. א חוץ א גאנצע רייע ארטיקלען פון גוט־באקאנטע א. ר. טוער וועגען א. ר. אין פארבינדונג מיט אונזער נצחון אין מאסאטשוזעטס.

מיר זיינען פאלשטענדיג איינשטימיג מיט פר. העלפאנד, אז דער „פריינד" איז נאך אלץ נישט דאס, וואס ער האט געדארפט זיין, ווייט נישט דאס, אבער מיר קענען בשום אופן נישט אננעמען די עצה, וואס עס גיט אונז אין דעם נומער אונזער פריינד יעקב לעווין, אז אויב מיר קענען נישט געבען אין „פריינד" קיין לאנגע און „גרויסע" זאכען, דארף מען איינגאנצען נישט און מיר דארפען זיך באנוגענען מיט אן ענגען ארדען־בולעטין.

דער, אדער גאר, אדער־גארנישט־שטאנדפונקט קאן זיך זיין א גאנץ באקוועמער שטאנדפונקט פאר פר. יעקב לעווין, ער וואלט אבער געווען פאטאל פאר אונזער ברייטער מיטגלידערשאפט פון ארדען. מיר מוזען זיך שטענדיג רעכענען מיט די אומשטענדען און מיט די מעגליכקייטען. פריינד ביילינקאף, ווי פר. סעם ליוויי, פארטרעטען געוויס א גאנץ היבשען טייל פון אונזערע גוטע און ארבייטסזאמע ברענטש־טוערס און ביז וואנען מיר וועלען זיי נישט איבערציינגען, אז דעם ארבייטער־רינגס ארגאן דארף זיין געווידמעט אויסער צו די געשעפטען פון ארדען אויך צו אלץ, וואס איז מענשליך און ממילא אויך שיין און רעוואלוציאנער, אזוי לאנג וועלען מיר האבען די פראגע אויף אונזער טאג־ארדענונג.

---

## עראינערט זיך נאך ווער און מיר

פון י. ל. קאלושינער

עראינערט זיך נאך ווער אן מיר
פון די גרוי־פארנעבעלטע געשטאלטען,
וואס האבען קינדיש מיר די גרויסע וועלט באזונגען?
אויסגעקושט אין פרייד מיר מיינע טעג
און געצונדען גליק מיר אין די אויגען,
בענשענדיג די שעה פון מיין געבארען;
איך זאל קיינמאל זיך ניט פילען ווי פארלארען
אין מיין ווייטען, פרעמדען וועג?

עראינערט זיך נאך ווער אן מיר
פון די גרוי־פארנעבעלטע געשטאלטען,
וואס האבען ווען אמאל מיט מיר מיין יוגענד אויסגעזונגען,
אויסגעטאנצט אויף געסלעך זומער־טעג?
אפשר האבען זיי שוין היינט אן מיר פארגעסען,
און דערמאנען דארט ניט מער מיין נאמען,
ווי דער טויט וואלט מיך פון לאנג שוין צוגענומען
אין מיין ווייטען פרעמדען וועג?

# ווי האַלט עס איצט מיט דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל

**ער האָט צעשפּאָלטען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און האָט איבערגעבויט די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.**

פון משה כץ

די גאַנצע וועלט אינטערעסירט זיך איצט מיט'ן „דריטען אינטערנאַציאָנאַל", וואָס איז מיט קנאַפּע דריי יאָר צוריק גע־גרינדעט געוואָרען אין מאָסקווע. די בורזשואַזע וועלט, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין באַזונדערן אינטערעס און נאָך ווייניגער פאַרשטענדעניש פאַר די אָרגאַניזאַציע־פאָרמען פון פּראָלעטאַריאַט, לאָזט איצט ניט אַרויס דעם דריטען אינטער־נאַציאָנאַל פון מויל. ער איז ביי איר געוואָרען אַ מין שם־דבר, פּונקט ווי די ווערטער „רויטע", „באָלשעוויקעס" און „סאָוויע־טען". און פּאַקטיש ווייסט זי טאַקע, די בורזשואַזע וועלט, אַז די דאָזיגע דריי באַגריפען זיינען אויף עפּעס אַ גאָר נאָהענטען אופן פאַרבונדען מיט דעם באַגריף וועגען דריטען אינטערנאַ־ציאָנאַל. נעבעך ווי אַזוי — ניט זי זיך ניט אָפּ קיין חשבון, ווייל וועלענדיג פאַרבלאָפען די אַרבייטער, פאַרבלאָפט זי דער־ווייל אויך זיך אַליין, אָבער זי פילט זעהר ריכטיג, אַז אויב עס לאָזען זיך וואו עס איז הערען „רויטע", „באָלשעוויקעס" און „סאָוויעטען", דאַרף מען שוין ערגיץ אַרום זוכען אויך דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, ווייל ער איז אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן געוויס פאַרמישט אין דעם.

אין די רייהען פון די אַרבייטער, באַזונדערס צווישען די באַוואוסטזיניגע און אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע אַרבייטער, איז דער אינטערעס צום דריטען אינטערנאַציאָנאַל, פאַרשטעהט זיך, נאָך גרעסער. אייניגע רעכענען אים פאַר אַ גליק און פאַר אַ נייע האָפענונג, אַנדערע פאַר אַן אומגליק און פאַר אַ צעשטע־רענדיגען עלעמענט, — אָבער אַלע פיהלען, אַז ער איז אַן איי־גענע, אַ נאָהענטע זאַך, וואָס האָט די גרעסטע ווירקונג אויף דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג און אָרגאַניזאַציע, אויפ'ן גאַנצען גורל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־באַוועגונג.

עס איז דעריבער אינטערעסאַנט און וויכטיג איצט, נאָכדעם ווי ס'איז פאָרגעקומען דער לעצטער צוזאַמענפאָר פון דער לעצ־טער גרויסער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אייראָפּע, — דער איטאַליענישער פּאַרטיי, — צו מאַכען אַ שטיקעל חשבון וואו עס האַלט איצט אין דער ווירקליכקייט מיט דעם דריטען אינ־טערנאַציאָנאַל, וואָס ער האָט דערגרייכט און ווי די באַוועגונג און דער קאַמף אַרום אים האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף דעם צו־שטאַנד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג.

לאָמיר צום ערשטען זעהן די פאַקטען: ווי האַלט עס איצט אויסערליך מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג?

אויפ'ן ערשטען קאָנגרעס פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע אין פרילינג פון יאָר 1918, זיינען געוועזען פאַרטראָטען פאַרשידענע גרופּעס, סיי אָפיציעל־קאָמוניסטישע, סיי אַלגעמיין־סאָציאַליסטישע, סיי גאַנצע פּאַר־טייען און סיי אָפּגעשפּאָלטענע אָדער ספּעציעל־אָרגאַניזירטע פּאַרטיי־גרופּעס. דעמאָלט איז אָפיציעל געווען ניט שווער אָנ־צושליסען זיך אָן דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט גערן אריינגענומען אין זיך אַלעמען, וואָס האָבען נאָר פאַרדאַמט און אָפּגעזאָגט זיך פון דעם מלחמה'דיגען סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם און פון דעם שלום מיט דער בורזשואַזיע. און אַזוי ווי כמעט אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער וועלט האָבען זיך שוין דע־מאָלט געהאַט אויסגעניכטערט פון דעם מלחמה־טשאַד, האָט עס אויסגעזעהן, אַז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל וועט אויף אַ נאַ־טירליכען, ניט־ווייטאָגדיגען אופן ווידער פאַראייניגען אַרום זיך די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס דער צווייטער אינ־טערנאַציאָנאַל האָט אַרויסגעלאָזען פון די הענט.

ס'איז אָבער פאַרגאַנגען בלויז איין יאָר און די לאַגע האָט זיך שטאַרק געביטען. ערשטענס, איז דער דריטער אינטערנאַ־ציאָנאַל אין דער דאָזיגער צייט פאַרשטאַרקט געוואָרען דורך די באַפעסטיגטע באַציהונגען מיט די פאַרשידענע אויסלענדישע פּאַרטייען און איז געוואָרען מער אויסקלייבעריש אין זיין מיט־גלידערשאַפט. צווייטענס, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין דער צייט פון דער מלחמה האָט באַקומען אַ גרויסען קלאַפּ ניט נאָר די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקייט פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג, נאָר אפשר נאָך מער די אינעווייניגסטע איינינקייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. ווען עס איז גע־קומען פון איין זייט צו פּראַקטישער נאָך־מלחמה פּאָליטיק און פון דער אַנדער זייט צו דער ענדערונג פון די פּרינציפּען און טאַקטיק אין הסכם מיט דעם נייעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אין די אַלטע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען זיינען נאָך דאָ גאָר אַ סך עלעמענטען, וואָס ווילען בשום אופן ניט צערייסען מיט דער צונעוועהנטער פאַרגאַנגענקייט, טיילווייז אויס געטריישאַפט צו די אַלטע פּרינציפּען און אָרגאַ־ניזאַציעס, טיילווייז אויס שרעק פאַר דער דורכפירונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק אין זייערע לענדער. אַזעלכע עלע־מענטען האָבען בשום אופן ניט געקאָנט אָנשליסען זיך מיט'ן גאַנצען האַרצען אָן דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, און אויף ווי־פיל זיי האָבען אָפיציעל יאָ געגעבען אַ הסכמה צו אַזאַ אָנ־שליסען זיך, האָבען זיי אָבער ביי זיך אין דער היים, אין זיי־ערע אייגענע פּאַרטייען, געשטערט דער דורכפירונג פון די רע־וואָלוציאָנערע פּרינציפּען פון דריטען אינטערנאַציאָנאַל און האָבען געהאַלטען אין איין פאַרלאַנגען געוויסע רעזערווישאָנס דערביי. דער קאַמף צווישען דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל קעגען דעם צווייטען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין מאָסקווע, איז אויף אַזאַ אופן אַריבערגעטראָגען געוואָרען אין יעדער נאַ־ציאָנאַלער פּאַרטיי באַזונדער.

אָט ביי אַזעלכע אומשטענדען האָט עס דער פאַראָיאָריגער צווייטער קאָנגרעס פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל אַרויסגע־שטעלט צו די פּאַרטייען, וואָס האָבען געוואָלט אָדער ווילען זיך אָן אים אָנשליסען, זייערע באַרימטע „21 פאָדערונגען". דער תמצית פון די פאָדערונגען איז געווען און פאַרבליבען: ע ר ־ ש ט ע נ ס, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבען אָנ־גענומען די פּרינציפּען און די טאַקטיק פון דריטען אינטערנאַ־ציאָנאַל, זאָלען אָפיציעל פאַרוואַנדעלט ווערען פון סאָציאַליסטי־שע אין קאָמוניסטישע, און צוליב דעם בייטען זייער נאָמען. צ ו ו י י ט ע נ ס, אַז זיי זאָלען אין זייער היימישער און אינ־טערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק דורכפירען אַלע באַשלוסען פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. ד ר י ט ע נ ס, אַז זיי זאָלען צוליב דעם צענטראַליזירט ווערען און זיך אונטערוואַרפען אונטער איין צענטראַלער אָנפירונג, באַטראַכטענדיג זיך בלויז אַלס דיסציפּ־לינירטע טיילען פון איין אַלוועלטליכער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פ ע ר ט ע נ ס, אַז זיי זאָלען צוליב זייער אינעווייניגסטער איינ־הייטליכקייט אויסשליסען פון זיך אַלע פּערזאָנען און טיילען, וועלכע ווילען ניט אָדער קאָנען זיך ניט אונטערגעבען דער נייער ריכטונג. און פ י נ פ ט ע נ ס, אַז די פּאַרטייען זאָלען זיך צוליב דעם צושפּאַלטען, אויב דאָס איז נויטיג.

דער לעצטער פּונקט איז אייגענטליך געווען דער וויכטיג־סטער און דער ווייטאָגדיגסטער. ווייל כאָטש ס'איז פון איין זייט קלאָר, אַז קיין פּאַרטיי קאָן ניט בלייבען ביי צוויי קעגענ־זעצליכע ריכטונגען און אַז איין ריכטונג, וואָס באַקעמפט די צווייטע, מוז זיך פון איר אָפּשפּאַלטען, איז אָבער אויך פאַר־שטענדליך, אַז פאַר אַלטע, גרויסע פּאַרטייען, וואָס זיינען אויס־געוואַקסען ווי אַ לעבעדיגער גוף און זיינען זיך צונויפגעוואַקסען מיט זייערע אַלטע, ס'רוב רעכט־געוואָרענע, פירער, מוז אַזאַ אָפּעראַציע זיין זעהר אַ שווערע.

מיר וועלען זעהן אין צווייטען אַרטיקעל, וואָס פאַר אַ רע־זולטאַטען די „21 פּונקטען" האָבען געהאַט אויף די סאָציאַליס־טישע פּאַרטייען.

# קינדער־ליטעראַטור

פון ש. ניגער

2.

## פראָזע פאַר קינדער

א.

איך שרייב מיט א כיון פראָזע פאַר קינדער, ניט קינדער־מעשה'לעך, ווייל צווישען די אידישע קינדער־ביכלעך, וואָס זיינען ארויס אין די לעצטע יאָרען, זיינען פאַראַן שוין אויך אנדערע זאכען, אחוץ מעשה'לעך. אזוי, א שטייגער, זיינען אין דער „אילוסטרירטער קינדער־ביבליאָטעק“, וואָס עס האָט אין יאָר 1917 אין ווילנע, אָנגעהויבען ארויסצוגעבען איינער דוד רויכעל, פאַראַן ביכלעך, וואו עס ווערען, פשוט, געגעבען ידיעות וועגען פאַרשידענע לעבעדיגע באַשעפענישען („מייזעלע שאַרפּ־ציינדעל און וואָראָבייטשיק נגיד“, „א מעשה ועגען (מיט?) פעטער קוואַס“, „פוינעלאַך“, „בא די מוראַשקעס צו גאַסט“). דאָס איז געוויס זעהר א גוטער אויפטו, און עס איז צו באַדויערן, וואָס אַזוינע זאַכליכע, אזוי צו זאָגען, וויסענשאַפטליכע ביכלעך זיינען אין דער אידישער קינדער־ליטעראַטור דערווייל נאָר אַן אויסנאַם. עס דאַרף באַשאַפען ווערען א גאַנצע וויסענשאַפטליכע (דערהויפּט נאַטור־וויסענשאַפטליכע און היסטאָריש־ביאָגראַפישע) ביבליאָטעק. דאָס איז נייטיג אַפילו פאַר די קינדער, וואָס לייענען אויך אין אַן אנדער שפּראַך, אחוץ אידיש. זאָל ניט זיין ביי זיי קיין איינדרוק, אַז אידיש איז עפּעס א ספּעציעלע מעשה'לעך־שפּראַך, שיער ניט אליין נאָר א מעשה'לע. זיי דאַרפען געפינען אין די אידישע ביכלעך אַלץ, וואָס קאָן רייכער מאַכען זייער געדאַנק און דערצו געהערען פאַקטען פון רעאַלען לעבען פונקט אזוי גוט, ווי מעשה'לעך. דער חוש פאַר דער ווירקליכקייט דאַרף אין דעם קינד געוועקט ווערען (דווקא דערפאַר, ווייל ער דרעמעלט נאָך אין אים) אינאיינעם מיט זיין פאַנטאַזיע.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די שילדערונגען פון רעאַלען לעבען דאַרפען ניט זיין קיין הוילע טרוקענע „באַשרייבונגען“. דעם קינדס גייסט האָט האַלט, ווי זיין קערפּער, באַוועגונג, באַוועגליכקייט: א קינד איז א שפּילער, די וועלט ארום אים איז א שפּיל, א פאַרשטעלעניש, א טעאַטער, און אין איר איז דאָ פּלאַץ נאָר פאַר דאָס, וואָס איז דינאַמיש, דראַמאַטיש.

צווישען די פריהער דערמאָנטע ביכלעך פון דוד רויכעל איז דאָ נאָר איינס — דאָס איז די זאַמלונג „פוינעלעך“ — וואָס איז פול מיט אומבאַוועגליכע טויטע שילדערונגען; אַלע איבעריגע האָבען אין זיך האַנדלונג און באַוועגונג, און די קינדער וועלען זיך נישט לאַנגווײַלען, לייענענדיג זיי. די יונגע לייענער וועלען, אגב, געפינען אין זיי נישט בלויז נייע באַגריפען, נאָר אויך נייע ווערטער, וואָס זיינען זיי פריהער אין אידיש געווען נישט באַקאַנט. א שטייגער, אַזוינע נעמען פון פוינגלעך, ווי: פּיסקאַלץ, פינקעלע, קלעטערל, קריינדעלע, שפּרענקערל, שנייפוינעלע, א. ד. ג.

בכלל איז די שפּראַך פון רויכעלס באַאַרבייטונגען א ריינע און דערביי א פאָלקסטימליכע און א פרישע. דאָס זיינען דאָך אָבער נישט מער ווי באַאַרבייטונגען, ד.ה. בעל־מלאכה'שע זאַכען, און קינדער דאַרף מען, ווי ווייט מעגליך, געבען קונסט, נישט קיין מלאכה. קינדער זיינען קינסטלער, ד. ה. זיי שפּילען זיך און פאַנטאַזירען אַפילו דאַן, ווען זיי טוען די איינפאַכסטע וואָכעדיגע זאַך. מוז דערפאַר שפּילען א לעבעדיגע שאַפענדיגע פאַנטאַזיע אַפילו אין די ווערק, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט רעאַלע זאַכען. וועגען וויסענשאַפטליכע פראַגען מוזען אויך שרייבען פאַר קינדער דיכטער, נאָר דיכטער.

ב.

דיכטער אָבער גיבען דעם קינד וויסענשאַפט, ד. ה. זיי באַקענען אים מיט דער וועלט און מיט דעם לעבען אויך דאַן, ווען זיי שרייבען בעלעטריסטיק. א ביישפּיל דערצו זיינען די צוויי ערציילונגען („ווי אזוי א איינגעל איז ארומגעגאַנגען ארום זיין קראַנקען טאַטען“ און „דער קליינער פלאָרענטינישער איבער־שרייבער“) פון ע. ד'אַמיטשיס, וואָס דער דערמאָנטער ד. רייכעל האָט שוין ניט איבערגעאַרבייט, נאָר, פשוט, איבערגעזעצט אויף אידיש. דאָס זיינען ערציילונגען פון רעאַלען לעבען, און ווי אַלע גוטע, עכטע זאַכען פאַר קינדער, פאַרשאַפען זיי אויך אונז, דערוואַקסענע, פאַרגעניגען. נאָר פאַר אונז, גרויסע, זיינען עס פשוט'ע רעאַליסטישע ערציילונגען, קינדער אָבער וועלען עס געניסען, ווי עפּעס א וואונדערליכע פאַנטאַזיע . . . דער קליינער רזשוליאָ שטעהט אויף אינמיטען נאַכט און זעצט זיך (ביים טאַטענס טיש) מאַכען דעם טאַטענס שרייב־אַרבייט. אַלע שלאָפען, ארום איז שטיל, נאָר ער אליין זיצט און שרייבט, און שרייבט . . . דער יונגער לעזער, וואָס וועט זיך אליין פאַרשטעלען זיכער אויף רזשוליאָס אָרט, וועט עס איבערלעבען, ווי עפּעס נישט קיין געוואוינטליכע זאַך, ווי עפּעס א חלום. אַלע שלאָפען, עס איז נאַכט, נאָר ער אליין זיצט ביים טאַטענס טיש, מיט'ן טאַטענס פען אין האַנט, און שרייבט! איז עס ניט וואונדערליך?

יאָ, ד'אַמיטשיסעס ערציילונגען זיינען דער בעסטער באַווייז, אַז מיט איינפאַכע רעאַליסטישע לעבענסשילדערונגען, אויב נאָר זיי זיינען קינסטלעריש, קאָן מען וועקען דעם קינדס פאַנטאַזיע פונקט אזוי גוט, ווי מיט „אויסגעטראַכטע“ זאַכען. דעם קינדס ערפאַרונג איז אזוי אָרעם און זיין תפיסה אָדער אויפנעמפעהיגקייט איז צונלייך אזוי פריש און דורשטיג, אַז די געוויינטליכסטע זאַך, ווען מען דערציילט זי נאָר גוט, זעהט אים אויס צו זיין ניי און אויסטערליש. א קינד פילט נאָך בכלל ניט אזוי קלאָר דעם אונטערשיד צווישען געוואוינטליכע און נישט־געוואוינטליכע, „רעאַליסטישע“ און נישט־„רעאַליסטישע“ זאַכען. א פאַנטאַסטישע פּאַסירונג איז פאַר אים פונקט אזוי רעאַל, ווי א רעאַלע — פאַנטאַסטיש.

און דערפאַר איז זעהר גוט, וואָס די דערמאָנטע „אילוסטרירטע קינדער־ביבליאָטעק“ האָט, אינאיינעם מיט ד'אַמיטשיסעס לעבענסשילדערונגען, געגעבען אויך מעשה'לעך פון אַנדערסען.

ד'אַמיטשיס איז גוט, אַנדערסען — נאָך בעסער. ניט ווייל ער פאַנטאַזירט (דאָס אליין איז נאָך ווייניג), נאָר ווייל ער האָט א פאַנטאַזיע פון א גרויסען פּאָעט, פון א ליריקער, וואָס מאַכט פול מיט זיין נאַאיווער, ווייכער, ליכטיגער צערטליכקייט די גאַנצע וועלט ארום, אירע גראָזען און ווידמונגען, חיות און פוינגלעך, שטיינער און וואַסערן . . . וואָס מער אַנדערסען אויף אידיש! וואָס מער דופּט און פרישקייט פון זיינע — אין זייער פאַנטאַסטישקייט — לעבעדיגע געוויקסען, וואָס מער טענער פון זיין שטילער און רייכער וואָרט־מוזיק! אָבער . . . ניט אין רויכעלס איבערזעצונג.

אין „סיעווער פאַרלאַג“ איז ארויס אַן איבערזעצונג פון אַנדערסענס מעשה'לעך, וואָס עס האָט געמאַכט נ ס ת ר. דאָס איז א פרייע, אפשר ניט גאָר קיין טרייע, אָבער א קאָנגעניאַלע איבערזעצונג — אַן איבערדיכטונג.

---

כדאַי איבערצוקוקען דעם צעטעל פון אונזערע ביכער, וואָס איר געפינט דאָ אויף דער צווייטער זייט, און זעהן וועלכע עס פעלען אייך נאָך.

* * *

אַקוראַט ווי דער פיש זעהט קיינמאָל נישט דעם חוק, נאָר דעם וועריםעל, אזוי זעהען מענשען נישט קיינמאָל נישט דאָס שלעכטע, וואָס ווערט אריינגעשלונגען צוזאַמען מיט דאָס גוטע.

די ערשטע שוואַלבען קומען און די וואַרעמע פרילינגס־שטראַלען לאַשטשען און גלעטען. וועט שוין אפשר אויך וואַרעמער ווערען אונזער פאַרקילטע, אינדעפּערענטע בלוט?

* * *

אַז לאַיד־דזשאָרדזש האָט שוין מתיר געווען צו האַנדלען מיט סאָוויעטען־רוסלאַנד וועט שוין אפשר מאַקדאָנאַלד מתיר זיין צו האַנדלען מיט'ן דריטען אינטערנאַציאָנאַל?

# דאָס אייביגע לעבען

(לעגענדע)

פון יעקב קרעפּליאַק

ב

## אויפ'ן מאַרק פון כאַנאַן

גאַנצע זיבעציג יאָר האָט לאָ־טצען די מוטער זיינס געטראָגען אונטער'ן הארצען, און ווען ער איז געבאָרען געוואָרען איז ער שוין געווען גרייז־גראָ פון יאָרען און פון חכמה . . .

ער איז געווען ניט נאָר דאָס וואונדער פון זיין געבורטשטאָט כאַנאַן, נאָר פון גאַנצען לאַנד. ער האָט פארשטאַנען אַלע לשונות, אפילו פון חיות און פון פייגעל, פון ווינט און פון די שטערען, און האָט גע'שם'ט אלס „דער חכם פון כאַנאַן“.

פון גאַנצען לאַנד האָט מען זיך געצויגען צו אים. ס'איז ניט אוועק דער טאָג, ווען ריקשאָוס זאָלען ניט צוטראָגען, צופירען אַלץ נייע און נייע מענשען. פון דער ווייטסטער ווייטקייט האָבען זיך קאַראַוואַנען דורך דער מדבר געצויגען, ווער נאָך זיין קלוג, באַלערענד וואָרט, און ווער אויסצודריקען זיין דרך־ארץ פאר'ן גרויסען לאָ־טצע.

אזוי האָט געלעבט לאָ־טצע אין כבוד און אין רום. נאָר ווען זיין לאַנצער צאָפּ אויפ'ן שפּיץ פונ'ם פארמעטענעם שאַרבען איז שוין אין גאַנצען ווייס געוואָרען, און זיין הויכער, דאַרער קערפּער האָט זיך אַלץ מער געבויגען אונטער'ן לאַסט פון יאָרען און אליין זיך געצויגען צו דער ערד, האָט ער אַלץ און אַלעמען פארלאָזען און פארשוואונדען הינטער די גרענעצען פון כאַנאַן אין מדבר אריין.

ווען די כאַנאַנער האָבען זיך געכאַפּט, אז לאָ־טצע איז ניטאָ, האָט קיינער ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען, דאָך האָט מען איבערגעגעבען פון מויל צו מויל:

„דער אַלטער איז זיך אוועק אין דער מ ד ב ר צו שטאַרבען“ . . .

באַלד האָבען זיך פארשפּרייט קלאַנגען, אז א קאַראַוואַן, וואָס האָט זיך געצויגען דורכ'ן גרויסען מדבר, האָט איינמאָל ביי א האַלבער נאַכט דערזעהן א מאָרגע געשטאַלט אין דער מדבר, אין גאַנצען ענליך צו לאָ־טצען.

מיט א פארריסענעם קאָפּ צום נאַכטיגען אויסגעשטערענטען הימעל, איז די געשטאַלט געשטאַנען. און דעם קאַראַוואַן האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיי הערען דייטליך, ווי די מאָרגע געשטאַלט פון לאָ־טצע שרייט צום הימעל נאָכאַנאַנד:

„אַן אייביג לעבען!“

„אַן אייביג לעבען!“

מען האָט דערציילט, אז אין שטומער שרעק האָט זיך דער קאַראַוואַן געצויגען פארביי. די קעמלען האָבען די ערשטע דערשפּירט די זעהונג, האָבען זיך דערשראָקען און געוואָלט זיך אויסקניען. די מענשען זיינען פארביי ווי געלעמטע, און ווען זיי האָבען זיך אַנטשלאָסען אומצוקוקען, איז שוין אַלץ פארשוואונדען. אָט נאָר־וואָס געזעהן מיט די אויגען — און ניטאָ.

יאָרען זיינען געקומען און יאָרען זיינען פארגעסען געוואָרען, אָבער דער נאָמען לאָ־טצע האָט אַלץ געלעבט צווישען די כאַנאַנער.

ס'איז אָנגעקומען א שוואַרצער מגפה־יאָר. דער טויט האָט זיך געיאָגט נאָך די מענשליכע טריט און טויזענטער לעבענס פארלאָפען און אָפּגעשניטען דעם וועג. א פחד האָט אַלעמען באַפאַלען. מענשען האָבען אפילו געהאַנדעלט און געוואַנדערעלט, געטאָן און זיך באַשעפטיגט מיט אַלע זייערע קליינע אַלטעגליכע נויטווענדיגקייטען, אָבער די מורא איז געווען אָנגעשריבען אויף זייערע פּנים'ער, די אַנגסט האָט ארויסגעקוקט דורך די אויגען. פלעגט ווער זיין צווישען מענשען, פלעגט ער זיך מיט שרעק אָפּזונדערן. איז מען געווען אַליין, פלעגט מען לויפען פון אַנגסט וואו מענשען זיינען, נאָר ניט צו פארבלייבען אַליין מיט די אייגענע געדאַנקען.

און אזוי איז דער מאַרק פון כאַנאַן געווען שטענדיג פול מיט מענשען — צעשראָקענע, סודות'דיגע.

און פּלוצלונג, אין מיטען העלען טאָג האָט זיך אויפ'ן מאַרק באַוויזען לאָ־טצע.

מיט א קאָפּ העכער פון אַלעמען, אַן אויסגעגלייכטער, מיט טראַנטעס אויפ'ן ברוין־דאַרען לייב, דער ווייסער צאָפּ צעשויבערט, אין האַנט א שטעקען מיט אַן אויסגעברענטען דראַקאָן, האָט לאָ־טצע זיך געלאָזען געשניטען דורך דער פארוואונדערטער מאַסע כינעזער און געבליבען שטעהן אַן אומבאַוועגליכער אין מיטען מאַרק.

דער המון ארום אים האָט אָנגעהויבען וואַקסען. ס'איז געוואָרען א בלינד'ער געלויף צום מיטען מאַרק. אפילו די סוחרים האָבען ווי בגנבה אָנגעהויבען צונויפּבינדען זייערע טיכער סחורה פון דער ערד און זיך געלאָזען צו לאָ־טצע.

א משוגע'נער, וואָס פלעגט ארומבלאָנדזשען שטענדיג איבער'ן מאַרק און פון צייט צו צייט צופאַלען צו דער ערד און פארצווייפעלט קלאַפּען אין איר מיט די פויסטען, האָט זיך צוגעזעצט צו לאָ־טצעס פיס און הינטיש צו אים ארויפגעקוקט.

לאָ־טצע האָט אים אָנגערירט מיט'ן שטעקען, און דער משוגע'נער האָט זיך געשווינד אויפגעהויבען פון דער ערד, געבראַכט צושלעפּען א שטיין און אוועקגעלייגט פאר לאָ־טצעס פיס.

לאָ־טצע איז ארויף אויפ'ן שטיין און לאַנג און שטום געקוקט אין דער וועלט אריין.

און וואָס לענגער ער איז געשטאַנען און געקוקט איבער די קעפּ, אַלץ אומרוהיגער איז דער המון געוואָרען. דער משוגע'נער האָט מיט די פויסטען גענומען פארצווייפעלט קלאַפּען אין דער ערד און אויפגעהויבען א יללה.

לאָ־טצע האָט אויפגעהויבען דעם שטעקען מיט'ן דראַקאָן אין דער הויך . . .

און פון מויל צו מויל, פון אויער צו אויער איז אדורך א מורמעל: „עפּעס וועט געשעהן“, און אויג צו אויג האָט גערעדט און געצוואונגען איינע די אַנדערע צו בלייבען שטעהן און וואַרטען אויפ'ן וואָרט פון מאָרנעם גרייז.

לאָ־טצע האָט נאָך העכער אויפגעהויבען דעם דראַקאָן איבער זיין קאָפּ. דער גאַנצער ים מענשען האָט זיך א וויג געטאָן.

— איך בין לאָ־טצע . . . — האָט ער אויסגערופען און דערזעהן ווי מיילער עפענען זיך און ווי אויגען בלייבען אומבאַוועגליך.

— שטערבליכע! — האָט לאָ־טצע באַלד ווייטער גערופען. — פון מדבר בין איך צו אייך געקומען מיט א הארץ פול פאר פרייד. אין א גרויסער שליחות האָב איך זיך אומגעקערט צו אייך. אין אָט דעם שוואַרצען מגפה־יאָר האָב איך א בשורה פאר אייך, פון וועלכער אייער בלוט וועט נעמען רוישען, ווי אָנגעטרונקען פון וויין.

צווישען דעם ים מענשען איז געוואָרען שטילער פון שטיל.

— הערט, שטערבליכע! אין מדבר האָט זיך צו מיר אַנטפּלעקט דער גרויסער אַלמעכטיגער גאָט — דער גאָט פון אַלע געטער: שאַנג־טי, און ער האָט מיר געשיקט ברענגען אייך די בשורה פון אַן אייביגען לעבען . . .

„וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס זאָגט ער?“ האָט דער גאַנצער ים מענשען זיך א וויג געטאָן נאָך דער ערשטער רגע פון טויטער ערשטוינונג.

לאָ־טצע האָט ווי געלייענט די געדאַנקען פון די מענשען און זיין קול האָט געהילכט איבער'ן גאַנצען מאַרק:

— אַן אייביגער לעבען!

„הערט, הערט“ . . . האָט אויג צו אויג גערעדט אין המון, כאָטש די ליפּען האָבען געשוויגען און דער אָטעם אָפּגעהאַקט.

און לאָ־טצע האָט צעפלאַקערט די הערצער:

— שטערבליכע! איר קאָנט לעבען אייביג, איר דאַרפט זיך נאָר צוהערען צו די בייד פון גרויסען שאַנג־טי!

דער שטומער ים מענשען האָט זיך שוין איצט צונאָסען אין אַ מורמעל:

„וואָס זאָגט ער?“
„שטילער!“
„לאָזט הערען!“
„וואָס האָט ער געזאָגט?“

— איך שווער אייך, — האָט אין גרעסטען עקסטאַז געַרופען לאַ־טצע, געטרייסעלט מיט׳ן משונה׳דיגען דראַקאָן אין דער הויך און, דוכט זיך, באַקערט די לעצטע צווייפלער, — הערט זיך נאָר צו צו די רייד פון גרויסען שאַנג־טי און איר האָט זיך געוואונען אַן אייביגען לעבען.

„איז דאָס אמת?“ האָט זיך דער עולם גערעגט.

„אוים מגפה!“ האָט איינער אין ווילדער פרייד געשריען.

„געבענשט זאָל זיין לאַ־טצע!“

„אוים טוים!“ האָבען אַלע אונטערגעכאַפּט. „געבענשט זאָל זיין לאַ־טצע!“

„מסתמא ווייס ער וואָס ער רעדט,“ האָבען אפילו די צווייפלער גע׳טענה׳ט צווישען זיך!

צווישען המון האָבען זיך פּלוצלונג דערהערט אויסרופען:

„לאָזט אים דורך! לאָזט אים דורך!“

דורכ׳ן המון האָט זיך דורכגעשטופּט אַ יונגער כינעזער מיט אַן איבערגערעקטער משא אויף די הענט. ער האָט די משא זאָרגפול אַרונטערגעלאָזט פאַר לאַ־טצעס פיס און עס אָפּגעדעקט.

מיט שרעק האָט דער עולם זיך גענומען שטופען הינטער זיך . . .

פאַר לאַ־טצעס פיס איז געלעגען דער טויטער קערפּער פון אַ יונגער כינעזערין, אין אירע אויסגעהעפטע זיידענע הויזען, אין די אויסגעצאַצקעטע שיכלעך, מיט אַ פאַרפּוצטער פריזור און ברעמען־בויגען.

— גרויסער לאַ־טצע! — האָט דער יונגער כינעזער מיט די הענט אויפ׳ן הארצען טיף זיך פאַרנייגט. — זעהסט, זי איז געווען די שענסטע פון כאַנאַן. דער טויט האָט זי ביי מיר אַוועקגענומען . . . זעהסט איצט, אונטער דער באַפּוצונג, איר מיאוס׳ען טויטען פּנים, די שרעקליכע פאַרגלייסטע אויגען . . . די פאַרשצירעטע ציין? . . דאָס האָט דער טויט געטאָן!

— גרויסער לאַ־טצע! אָהן איר . . . ווי וועל איך לעבען? כ׳הער דו רעדסט פון אַן אייביגען לעבען! העלף מיר! מאַך זי לעבעדיג און איך ווער דער טרייעסטער דינער פון שאַנג־טי.

„הערט, הערט!“ איז דער עולם צוגעטרעטען נעהנטער אין ערוואַרטונג.

לאַ־טצע האָט געקוקט דאָ אויפ׳ן יונגען כינעזער, דאָ אויפ׳ן טויטען קערפּער פון דער מיידעל ביי זיינע פיס. ער האָט שאַרף דערפילט די ערוואַרטונג פון המון און זיך אַרומגעקוקט.

„הערט! קוקט!“ און באַלד האָט מען איבערגעגעבען: „איר האָט געהערט ווי ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זי לעבעדיג מאַכען?“ און נאָך ווייטער: „ער זאָגט, אַז ער וועט זיי אַלע לעבעדיג מאַכען. וועמען מען וועט אים נאָר ברענגען, וועט ער לעבעדיג מאַכען. לאַ־טצע ווייס דעם סוד פון טויט און לעבען. שאַנג־טי האָט אים געשיקט צו אַנטפּלעקען אים“...

„אוים טויט! געבענשט זאָל זיין לאַ־טצע!“ האָט ווי־דער אָפּגעקלונגען דער פריידיגער געשריי.

„קוקט! קוקט! ער געהט זי מאַכען לעבעדיג!“ האָט דער עולם אויפגעצאַפּעלט און זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דער הויכער אומבאַוועגליכער פיגור פון לאַ־טצע אויפ׳ן שטיין.

מיט קימער האָט לאַ־טצע געקוקט אויפ׳ן עולם, ווי ער וואָלט געלייענט זייערע געדאַנקען, און איבער די קעפּ פון המון האָט זיך דערהערט זיין שאַרף קול:

— הערט מיך אויס, איר מענשען פון כאַנאַן. ניט פאַר אייערע גופים האָב איך געבראַכט די בשורה פון אַן אייביגען לעבען, נאָר פאַר אייערע זינדיגע נשמות! הערט זיך צו און פאָלגט אויס די רייד פון אַלמעכטיגען שאַנג־טי, און איר וועט זיך געווינען אַן אייביגען לעבען . . .

„וואָס זאָגט ער? וואָס האָט ער געזאָגט?“ האָט דער המון ווידער זיך צעווינט. „ער וועט זי לעבעדיג מאַכען?“ . . .

„שווייג, עפּעס אַנדערש“ . . .

„מען שרייט! שווייגט, לאָזט הערען!“

„ער רעדט פאַלש, ער איז פאַלש!“ האָט זיך שוין געטראָגען אַ בייזער מורמעל.

„וואָס? שווייג! ער וויל נאָך עפּעס רעדען“ . . .

„קוקט, דער משוגע׳נער רייסט עפּעס פון אונטער זיינע פיס“ . . .

דער המון האָט שוין איצט געברויזט ווי אַ שטורעמדיגער וואַסער, רעדלעך מענשען ווי קעסעל־גריבער האָבען זיך געביל־דעט און זיינען זיך צעשוואומען.

איין סותר האָט געגרופען דעם אַנדערן: „געמיינט טאַקע עפּעס“ . . .

„מיר האָבען געזאָגט“ . . . האָבען די צווייפלער גערעדט און נאָך צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

---

אין אַ פאַררוקטען ווינקעל פון מאַרק איז געשטאַנען לאַ־טצע און געקוקט, ווי ער וואָלט קיינעם ניט געזעהן. אַרום האָט זיך געדרייט דער משוגע׳נער, מיט יללה געקלאַפּט מיט די פויסטען אין דער ערד און גערופען צו לאַ־טצע און געטייט אויף די פאַרביינגעהער מיט׳ן פינגער:

„דאָס געהען זיי צום טויט . . . דאָס געהען זיי צום טויט“ . . .

# שטנ׳ס נצחון

## פון מלך ראַוויטש

אַמאָל אָבער זיינען פאַראַן טעג, —
אָך ניין, נישט די טעג, נאָר די נעכט, די נעכט;
ווען אַ נעבעל ליגט אויף דעם גאַנצן לעבענס־וועג,
און אַלץ איז אַ מדבר, אַ מדבר ביי נאַכט.

פּאַלאַצן פול רוח און מקדשים פול זון,
באַגראָבען אין נעבעל, ווי אין געדאַנק,
און אַז מען קלערט פון דעם שטאַרבט מען דערפון,
און שווער איז עס, גראָ ווי דאָס בליי.

דערוועג דיך דאַן נישט צו מיר מיט דיין בוך,
פול לידער און בלאַנקען געדאַנק!
ברענג האָלץ, מאַך פייער, גיב טרוקענע שיך,
און קאָך אָפּ הייסען טיי.
און צום פאַרבייסען שטיקער צוויי גיב
פון עכטען, ווייסען צוקער.

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## ב.

### דאַנטע

וואָס איז אַזוינס רענעסאַנס? דאָס וואָרט באַטייט ווידער־געבורט, ווידער־באַלעבונג. די עפּאָכע פון 14טען יאָרהונדערט ביז צום סוף פון 16טען יאָרהונדערט רופט זיך די רענעסאַנס־עפּאָכע. אין יענער עפּאָכע איז ווידער־באַלעבט געוואָרען די אַלטע גריכישע און רוימישע ליטעראַטור און קונסט, מיט וועלכע מען האָט אַ לאַנגע צייט זיך ניט אינטערעסירט, אויף וועלכע מען האָט געקוקט מיט האַס און חשד, ווייל זיי זיינען געווען אויסגעבונדען מיט דעם געצענדינערישען, היידנישען רעליגיעזען געדאַנק, און דאַרום זיינען זיי געלעגען אין חרם, אין אַן אַטמאָספערע פון טומאה.

האָט אָבער אויפגעוואַכט דער מענשליכער געדאַנק; מען האָט זיך אויסגעלערנט צו באַוואונדערן זייער ריין־מענשליכע פּאָעטישע שענקייט. די באַקאַנטשאַפט מיט דער גריכיש־רוימישער פּאָעזיע און קונסט האָט געעפענט די טויערן פון אַ נייעם הימעל, פול מיט ריין־מענשליכע, פּאָעטישע געשטאַלטען, ווען אַפילו די העלדען פון יענע הימעל זיינען געווען די מיטהאָלאָגישע פיגורען פון דער אַלטער היידנישער רעליגיע.

אומעטום האָט מען געפילט, אַז דאָס אַלטע שטאַרבט אָפּ און אַ נייע אַנטוויקלונגס־עפּאָכע דערנענטערט זיך. מען האָט זיך אויסגעלערנט צו האָבען דרך ארץ פאַר דעם ריין־מענשליכען, פאַר דעם ריין־נאַטירליכען פּראָדוקט פון דעם מענשענס פּאָעטישער פאַנטאַזיע. די עלעמענטען פון דער קלאַסישער וועלט זיינען אויפגענומען געוואָרען אין דער סיסטעם פון בילדונג, און אַזאַ בילדונג האָט זיך גערופען די „הומאַניסטישע“, ס'הייסט ריין־מענשליכע, וועלטליכע, וואָס שטעהט אינגאַנצען אויסער דער קירכליכער דערציהונג.

דער היסטאָרישער געדאַנק פון דעם רענעסאַנס איז אין דעם, וואָס ער האָט אינגאַנצען צעשטערט די מיטעלאַלטערליכע וועלט־אַנשויאונג; זיין הויפּט רעזולטאַט — וואָס ער האָט באַפרייט די מענשליכע פּערזענליכקייט פון די מיטעלאַלטערליכע קייטען; זיין הויפּט סימן — וואָס ער זוכט שטיצע אין דעם אַלטערטום.

* * *

עס איז דאָ אַן אַלטע לעגענדע: אויף דער גאַס פון דער איטאַליענישער שטאָט וועראָנאַ האָבען צוויי פרויען אויפמערקזאַם באַקוקט אַ הויכען, מאָגערן מענשען, וואָס איז פאַרביי־געגאַנגען פאַרביי זיי. ער איז אינגאַנצען אָנגעטאָן אין רויטען; דער אויבערשטער טייל פון פּנים איז געווען פאַרדעקט מיט אַ רויטען קאַפּיושאָן. — „זעה נאָר, — האָט איינער אויסגערופען — דאָס איז דאָך יענער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין גיהנום און געהט אַרוים פון דאָרט, ווען ער וויל, און דאָ, אויף דער ערד, דערציילט ער וועגען די, וואָס ער האָט דאָרט געזעהן!“ „עס ווייזט אויס, אַז בו ביזט גערעכט, — האָט די צווייטע געענטפערט. — ווי די האָר האָבען זיך ביי אים פאַרדרייט, ווי אָפּגעברענט ער איז פון דער העלישער היץ און שוואַרץ פון רויך!“ יענער, וואָס וועגען אים האָבען גערעדט די וועראָנישע דאַמען, איז געווען דאַנטע אַליגהיערי (1265 ביז 1321), דער גרויסער איטאַליענישער דיכטער, דער באַשאַפער פון דער הערליכער פּאָעמע, וועלכע ער האָט אָנגערופען „די קאָמעדיע“. און די שפּעטערדיגע דורות האָבען מוסיף געווען — „די געטליכע“. עד היום ווערט זי אָנגערופען „די געטליכע קאָמעדיע“. אין וועראָנאַ האָט דאַנטע געלעבט אַ לאַנגע צייט, זיך באַנוצענדיג מיט דער גאַסטפריינדליכקייט פון דעם אָרטיגען טיראַן, קאַן גראַנדע דעללאַ סקאַלאַ.

שוין ביי דאַנטעס לעבען האָט דאָס פאָלק באַשאַפען לעגענדען וועגען אים, און דאָס צייגט וואָסער גרויסען איינדרוק זיין פּאָעמע האָט געמאַכט אויף זיינע צייט־מענשען. פאַר מאַנכע איז „די געטליכע קאָמעדיע“ געווען אַן אמת געטליך בוך און זיי האָבען אין איר געפונען יענע לעבעדיגע פּערזענליכע באַציהונג צו דער גאָטהייט, וואָס זיי האָבען געזוכט אין די מיסטישע לערען, וואָס זיינען געווען קעגען די באַגריפען פון דער קירך, און אין דער פראַנציסקאַנער רעליגיע פון ליעבע. פאַר אַנדערע, מער געבילדעטע, איז דאַנטע געווען, קודם כל אַ געלערנטער, וואָס איז באַזעסען אַ סך מאָראַלישע, נאַטור־וויסענשאַפטליכע, אַסטראָלאָגישע, פילאָזאָפישע און טעאָלאָגישע קענטנישען.

ווען עס קומט אויס צו באַטראַכטען אין דער געשיכטע פון ליטעראַטור אַזאַ מעכטיגען איינפלוס פון אַ שריפטשטעלער אויף דער געזעלשאַפט, האָט עס אַלעמאָל איין באַדייטונג: דער שריפטשטעלער האָט געוואוסט ווי צו דערגרייפען און אויסצודריקען די שטימונג און די וועלט־אַנשויאונג פון דער געזעלשאַפט מיט אַזאַ פולקייט, אַז איטליכער — פון דעם אַרבייטער ביז דעם געלערנטען — וועט אין אים געפינען די געדאַנקען און אידעען, וואָס באַלאַנגען זיין באַוואוסטזיין. בנוגע צו דאַנטען איז דאָס נאָך ריכטיגער, ווי בנוגע צו אַ וועלכען עס איז אַנדער שריפטשטעלער. און אָט פאַר וואָס: ביז דאַנטען האָט די איטאַליענישע געזעלשאַפט ניט געהאַט קיין דיכטער, וואָס זאָל אין זיינע שאַפונגען איר געבען עפּעס וואָס גאַנצעס, וואָס זאָל איר פאָרמולירען אַ גאַנצע סיסטעם פון פאַרשטיין די וועלט. „די געטליכע קאָמעדיע“ איז געווען דער ערשטער סינטעז, די ערשטע פאַראייניגונג פון די באַזונדערע עלעמענטען פון דער מיטעלאַלטערליכער וועלט־אַנשויאונג; אין דער „געטליכער קאָמעדיע“ האָבען צום ערשטען מאָל גענומען רעדען צען שטומע יאָרהונדערטע. און נאָר דאָס ווירקליכע און פעסטע, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען אין דער ספערע פון אידעען אין משך פון די דאָזיגע יאָרהונדערטע, דאָס אַלץ איז דאָ ביי דאַנטען אויסגעדריקט אין הערליכע געשטאַלטען אויף דער פאָלקס־שפּראַך.

זיין הויפּט־ווערק — „די געטליכע קאָמעדיע“ — האָט ער פריהער געוואָלט שרייבען אין לאַטיין, דער שפּראַך פון דער רוימיש־קאַטוילישער קאָסמאָפּאָליטישער וועלט. ער האָט אָבער באַשלאָסען אויפצוהייבען די פאָלקס־שפּראַך, איטאַליעניש, צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך, און ער האָט זיין „געטליכע קאָמעדיע“ געשריבען אין איטאַליעניש. דאָס אַליין איז שוין געגאַנגען להיפּך צו די טראַדיציעס פון דעם מיטעלאַלטער. דאַנטע האָט גענומען אונטער זיין שוץ די שפּראַך פון זיין פאָלק פון די לאַטייניסטען, וואָס האָבען זי געהאַסט. דאָס איז געווען דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געקאָנט געבען זיין פאָלק — די איינהייט פון אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַטור.

דאַנטע איז געווען דער אָנזאָגער פון דער רענעסאַנס עפּאָכע, דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנהייב פון דער הומאַניסטישער ריכטונג. זיין „געטליכע קאָמעדיע“ איז פול מיט דער באַשרייבונג פון ריין־וועלטליכע ענינים, אינדיווידועלע לייַדען און פריידען. פון יעדער שורה רעדט צו אונז דער גאָט פון דער נייער צייט, דער גאָט פון שענקייט. געוויס האָט דאַנטע זיך ניט אינגאַנצען באַפרייט פון דער רעליגיעזער מיטעלאַלטערליכער וועלט־אַנשויאונג. אין זיין פּאָעמע באַשרייבט ער דעם גיהנום אין דעם הימעל. איבער די פאַרשידענע מדורי גיהנום פירט אים אַרום דער גייסט פון דעם גרויסען רוימישען דיכטער, ווירגיל, פאַר וועלכען דאַנטע האָט געהאַט דעם גרעסטען רעספּעקט און וואַרימסטע ליבע. אָבער, געקומען צו די טויערן פון גן עדן, — מוז אים ווירגיל פאַרלאָזען, ווייל ער איז ניט געווען קיין קריסט, און אין גן עדן קאָנען זיין נאָר קריסטען, אַזוי האָט דאַנטע געגלויבט. דאַנטעס רעליגיע איז געווען — דער קאַטאָליציזם, זיין פילאָזאָפיע — די טעאָלאָגיע, זיין וויסענשאַפט — די סכאָלאַסטיק, די געצייג פון זיין פּאָעזיע — די אַלעגאָריע; דאָס אַלעס איז די חכמה פון מיטעלאַלטער.

אָבער, כדי צו האָבען אַזאַ ערפאָלג ביי די איטאַליענער פון יענער עפּאָכע זיינען אָט די מיטעלאַלטערליכע עלעמענטען אַליין געווען ווייניג. עס זיינען נויטיג געווען אויך אַנדערע

עלעמענטען, ניט מיטעלאלטערליכע, ניין. און אין דאנטעס שאפונגען זיינען דא די נייע עלעמענטען. כדי זיי צו פארשטיין איז נייטיג אנצוצייגען אויף עטליכע הויפט־פאקטען פון זיין ביאגראפיע.

דער דיכטער איז געבוירען געווארען אין פלארענץ. זיין פאמיליע האט אנגעהערט צו דער שטאט־אריסטאקראטיע און האט געשפילט אן אנגעזעהענע ראלע אין פאליטישען לעבען פון פלארענץ. די צייט, בעת דאנטע איז געבוירען געווארען, איז געווען זעהר אן אומרוהיגע, עס האט געפלאקערט דער קאמף צווישען די גיבילינער און די גוועלפער, די אנהענגער פון דעם אימפעראטאר און די אנהענגער פון דעם פאפסט; ער האט דעמאלט אויך געפלאקערט דער קאמף צווישען דער אריסטאקראטיע און בורזשואזיע. אין אנהייב האט דאנטע געהאלטען, אז די וועלטליכע מאכט דארף געהערען דעם פאפסט. אז ער האט אבער דערזעהן וואסערע מיטלען דער דאמאלדיגער פאפסט באניפאציוס דער 8טער ווענדט אן אויף אריינצוקריגען די מאכט, ווי ציניש ער פארווארפט די גייסטיגע אויפגאבען, כדי צו פארגרעסערן די קירכליכע טעריטאריע, איז ער ארויסגעטראטען קעגען באניפאציוס דעם 8טען, ער האט געענדערט זיין פאליטישע אנשויאונג. דער סוף איז געווען, אז דאנטע האט געמוזט אנטלויפען און א לאנגע צייט פירען א נע ונד לעבען אין ארימקייט און דחקות. זיין פאליטישער קאמף שפיגעלט זיך אפ אין זיינע שאפונגען. אין זיין שריפט וועגען דער מאנארכיע, באטראכט דאנטע די שייכות צווישען דעם וועלטליכען שטאט און דער קירך, און ער קומט צום אויספיר, אז דער שטאט דארף זיך אין גאנצען באפרייען פון דער קירכעס הערשאפט. דאנטע האט באלאנגט צו דער פארטיי פון די „ווייסע" (די נעגנערישע פארטיי האט זיך גערופען די פארטיי פון די „שווארצע"), מחמת די דאזיגע פארטיי, ווי באקאטשיא באהויפטעט, האט מער געאכטעט רעכט און גערעכטיגקייט.

ווי יעדער געניאלער מענש, איז דאנטע געווען געוועבט פון ליידענשאפטען. נאר ער איז דער ערשטער פון די מיטעלאלטערליכע מענשען, וואס האט זיך ניט דערשראקען פאר זיינע ליידענשאפטען, וואס האט ניט גענומען זיי דערשטיקען אין זיך באהאלטען זיי פון אנדערע, נאר ער האט זיי ארויסגעצייגט ווי עפעס אזוינס, פון וואס די וועלט, וואס „לעבט אין אומצוכט", זאל זיך אפלערנען. זיין ערשטע ליידענשאפט איז געווען — ליבע.

איינמאל, בעת דאנטע איז אלט געווען 9 יאר, האט זיין פאטער אים מיטגענומען צוגאסט צו זיינעם א שכן און פריינד פארטינארי, וואו דאס קליין אינגעל דאנטע האט צווישען א סך קינדער דערזעהן פארטינאריס 8־יאריגע מיידעלע בעאטריטשע. זי איז געווען אנגעטאן אין פורפור און זי האט זיך דאנטען אויסגעוויזען ווי א מלאך, הגם זי האט מיט אים א ווארט ניט אויסגערעדט. 9 יאר האט ער זיך מיט איר מער ניט באגעגנט. דערנאך האט ער זי צופעליג דערזעהן אויף דער גאס, בעת זי, איינגאנצען אנגעטאן אין ווייסען, איז געגאנגען מיט צוויי דאמען. בעאטריטשע האט דערקאנט דאנטען און האט זיך פאר אים פארנייגט אזוי פריינדליך, אז דער יונגער מאן האט זיך געפילט אויפ'ן העכסטען שטאפעל פון גליקזעליגקייט. פון דעם דאזיגען טאג אן ווערט די ליבע, וואס איז געבוירען געווארען אין זיינע קינדערשע יארען, אלץ שטארקער, און דאנטע ווערט א פאעט. אויפ'ן צווייטען טאג נאך דער דאזיגער באגעגעניש האט ער אנגעשריבען זיין ערשטען סאנעט.

דערנאך האט בעאטריטשע חתונה געהאט און אין א קורצער צייט ארום איז זי געשטארבען אין עלטער פון פיער און צוואנציג יאר. דאנטען איז ניט אויסגעקומען מיט איר אויסצורעדען ניט איין־איינציג ווארט. איבעריגענס, ער האט עס גארניט געוואלט. זיין ליבע איז געווען — א מין צניעות'דיגע ליידענשאפט, וועלכע זוכט א בליק, א שמייכעל, א באגריסונג. קיין שום זינליכעס איז אין איר נישט געווען. דאס איז געווען א פלאטאניש געפיל, ניט אן ערדיש געפיל; זי רופט ארויס א ציטער פון געהיימניספולער פרייד, ניט תאוה; די נאטור פון אזא ליבע דריקט זיך אויס אמבעסטען אין אלעגארישע געשטאלטען. דאנטע האט די געשטאלט פון זיין געליבטער בעאטריטשע פאראייביגט אין זיין „געטליכער קאמעדיע", וואו אין איר פערזאן ווערט פארקערפערט די טעאלאגיע, די רעליגיאנס־וויסענשאפט. פאר דאנטען גופא איז זיין פאעמע געווען בעאטריטשעס דענקמאל.

נאר דאנטע רעדט ניט נאר וועגען דער דאזיגער האלב־מיסטישער ליבע. ער ווייס, אז עס איז אויך דא אן אנדער ליבע. אויך ער אליין איז דערצו געפרובט געווארען און ער באהאלט פון זיינע לעזער דעם נאמען פון זיין פריינדין — רזשענטיקי. דאס איז יענע ליבע, וועגען וועלכער עס רעדט פראנטשעסקא דא רימיני: א ליבע, וועלכע הייסט ליבען איטליכען וואס ליבט. און, זיכער, אז פראנטשעסקא און פאאלא האבען זיך ניט פארנומען מיט געשפרעכען אויף א מיסטישער טעמע אין יענעם טאג, בעת, ארומגעכאפט מיט ליידענשאפט, זיינען זיי געפאלען אין אומארמונגען איינער צום צווייטען, פארגעסענדיג אן זיך.

זיין צווייטע ליידענשאפט איז געווען — פאליטיק. דאנטע איז געווען א ליידענשאפטליכער פאליטישער קעמפער. בעת ס'איז אויסגעקומען צו פארטיידיגען פלארענץ איז ער געשטאנען מיט געווער אין האנט אין די ערשטע רייהען. ער איז געווען א פייערדיגער פאטריאט. ער קאכט מיט האס קעגען די, וואס האבען אויף דעם אדער יענעם אופן פארזינדיגט קעגען דער פאליטישער עהרע. אפארטוניסטען לאזט ער אפילו אין ניהנום ניט אריין: זיין גיהנום האט זיי אפגעשטויסען. אין דער סאמע טיפעניש פון ניהנום ווערען באשטראפט פאררעטער, ווי יודא איסקאריאט, וואס האט פארראטען קריסטו־ען, ברוטוס און קאסיוס, וואס האבען פאררעטעריש צוגע'הרג'עט יוליוס צעזאר און האבען פארראטען די רוימישע אימפעריע. נאך א סך אנדערע פאררעטער און שלעכטע מענשען זעהט דאנטע אין גיהנום. ער זעהט דארט אויך זיין גרויסען שונא דעם פאפסט באניפאציוס דעם 8טען, וועלכער האט געקריגען „אן אייזערנעם" פאטש פון דעם רוימישען אריסטאקראט קאלאנא, און אנדערע גייסטליכע, וואס האבען זיך שלעכט אויפגעפירט.

דער גן עדן, וואו אלץ אטעמט מיט אמת, אומשולדיג און ליבע, איז באזעצט מיט שיינע פערזענליכקייטען, וואס האבען געטאן מעשים טובים, ווי קעניג יוסטיאן פראנציסק פון אסיזי, טאמאס פון אקווינא און א סך אנדערע.

דער אינטערעס צו דער ווירקליכקייט, צו דער נאטור און צו דעם מענשען איז דאס — יענער עלעמענט, וואס מער פון אלץ טיילט דאנטען אפ פון דעם מיטעלאלטער און מאכט אים פאר דעם פארנעהער פון א נייעם וועלטפארשטיין. „די געטליכע קאמעדיע" איז א גרויסע אלעגאריע פון דעם מענשען, פון זינד און דערלייזונג, פון א רעליגיעזער און מאראלישער זייט. דא האבען מיר פאר אונז דאס פאלען און דעם ווידער־געבורט פון דעם מענשען. יעדער מענש טראגט אין זיך זיין גיהנום און זיין גן־עדן. דער גיהנום איז — דער טויט פון דער נשמה, די הערשאפט פון דעם גוף, די געשטאלט פון שלעכטס און פארדארבענקייט. דער גן עדן איז די געשטאלט פון גוטס און טוגענד, פון דער אינווייניגסטער וועלט און פון גליק. צווישען גיהנום און גן עדן איז אין „דער געטליכער קאמעדיע" דא אן אפטיילונג — „פורגאטארי", וואו די נשמות ווערען געלייטערט דורך פייער, א פלאץ, וואו מען ליידט צייטווייליג. דאס איז דער איבערגאנג פון איין צושטאנד אין צווייטען דורך חרטה.

דאנטע האט איינגעזעהן די טראגעדיע פון דעם מענשליכען לעבען, בעת ער איז געווען נאך גאר יונג. זיין ווערק הייבט זיך אן: אויפ'ן האלבען וועג פון דעם ערדישען קיום האב איך פארבלאנדזשעט אין א פינסטערן וואלד, מחמת איך האב פארלוירען דעם גלייכען וועג. אין פינסטערן וואלד פילט זיך דער דיכטער פארלוירען, ארומגערינגעלט פון דריי חיות — סימבאלען פון די מענשליכע תאוות: א לעמפערט — זינליכקייט, א לייב — די אמביציע צו הערשען, א וואלפין — זשעדנעקייט; ווירגיל, וואס ראטעוועט אים פון די חיות, איז — דער שכל, בעאטריטשע, וואס האט ווירגיל'ן געשיקט צו אים, איז — די טעאלאגיע. זאלבענאנד געהען זיי ארויס פון וואלד, ווירגיל פירט דאנטען דורכ'ן גיהנום און „פורגאטארי" און אויפ'ן שוועל פון דעם גן עדן גיט ער אים איבער צו בעאטריטשען. צוזאמען מיט איר הייבט זיך דער פאעט אויף אלץ העכער און העכער אין די הימעלשע ספערען און, צולעצט, איז ער זוכה אנצוקוקען די שכינה, די גאטהייט.

דער געדאנק פון דער פאעמע איז — דאס מאראליש לעבען פון דעם מענשען, וועלכען דער שכל ראטעוועט פון די תאוות און וועמען דאס וויסען פון דער געטליכער וויסענשאפט פארשאפט אייביגע גליקזעליגקייט. אויפ'ן וועג צו דעם מאראלישען ווידער־געבורט געהט דער מענש דורך דעם באוואוסטזיין פון

# איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט

א קורצע ערקלערונג

פון ל. באַראַדולין

.1

די גאַנצע וועלט האַלט איצטער פּראָפעסאָר איינשטיינען פאַר איינעם פון די גרעסטע וויסענשאַפטסלייט פון אונזער צייט און באַטראַכט זיינע נייע טעאָריעס פון גרויסער עפּאָכע־מאַכענדער באַדייטונג. די פראַגע איז — אין וואָס באַשטעהט זיין גרויסקייט? וואָס אַזוינס האָט ער אויפגעטאָן, און וועלכע נייע אמת'ען האָט ער אַנטפּלעקט, וואָס די גאַנצע וועלט רעדט וועגען אים?

מיר וועלען דאָ פּרואווען געבען אַן איבערבליק.

פון אַלע מינים לעבעדיגע באַשעפעניש און טערשיידט זיך דער מענש מיט דעם, וואָס ער באַזיצט די פעהיגקייט צו דענקען, און אַן איינגעבאָרענע נייגעריגקייט און שטרעבונג צו פאָרשען און וויסען. מיט זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט און מיט אַ באַזונדער חוש איז דער מענש פעהיג אַריינצודרינגען אין דעם תוך פון זאַכען און באַמערקען די שייכות וואָס עס עקזיסטירט צווישען זאַכען און פּאַסירונגען. אָט די באַזונדערע פעהיגקייטען פון מענשען האָבען אים געגעבען די מעגליכקייט צו אַנטדעקען און אָנווענדען די קראַפט פון דאַמף און עלעקטריציטעט און צו ערפינדען אַ גאַנצע רייה מאַשינעס, וואָס זאָלען טאָן פאַר אים די פאַרשידענאַרטיגסטע אַרבייטען; ער האָט אויך אַנטדעקט די מיטלען צו באַקעמפען פאַרשידענע קראַנקהייטען און אַרויסצוקריגען גרעסערע גערעטעניש פון דער ערד. מיט איין וואָרט — ער האָט געשאַפען אַ קולטור און אַ ציוויליזאַציע, מיט וועלכע דער מענש אונטערשיידט זיך פון אַלע איבעריגע מינים לעבעדיגע באַשעפענישען. און דאָס גיט אים די מעגליכקייט אָנצופירען דעם קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ מיט אַ פיל גרעסערן ערפאָלג און מאַכען זיין לעבען אויף דער ערד לייכטער און באַקוועמער.

און כאָטש עס איז אמת, אַז די גאַנצע מענשהייט האָט באַשאַפען די קולטור און די ציוויליזאַציע און עס קומט אויס, אַז אַלע מענשען האָבען גענומען אין דעם אַ דירעקטען אַנטייל; אין דער ווירקליכקייט אָבער גיבען די איינצעלנע, געציילטע פּערזענליכקייטען, וועלכע באַזיצען די אַלגעמיינע מענשליכע אייגענשאַפטען אין אַ פיל גרעסערער מאָס ווי די איבעריגע, און זיינען פעהיג אַריינצודרינגען אין דעם תוך פון זאַכען אַ סך טיפער, און באַמערקען דעם אינערליכען שייכות צווישען זאַכען און פּאַסירונגען אַ סך לייכטער ווי אַלע איבעריגע מענשען.

און צווישען אָט די טרעגער און שאַפער פון אונזער קולטור זיינען פאַראַן איינצעלנע נעמען, וואָס זיינען אין דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון די וויסענשאַפטען באַזונדער פּראָמינענט. דאָס זיינען נעמען פון פּערזאָנען, וואָס זייערע אויפטואונגען, די רעזולטאַטען פון זייערע פאָרשונגען, זיינען פון דער גרעסטער באַדייטונג. דאָס זיינען נעמען פון פּערזאָנען, וואָס האָבען געשאַפען אין דער וויסענשאַפט נייע עפּאָכען; וואָס האָבען פאַר אונז באַלויכטען די וועלט פון גאַנץ נייע ווינקלען און האָבען פאַר אונז אַנטפּלעקט נייע סודות פון דער נאַטור. דאָס זיינען נעמען פון פּערזאָנען, וואָס האָבען אַריינגעפירט אין אונזער אַרט דענקען גאַנץ נייע באַגריפען און האָבען פאַר אונז אַנטדעקט גאַנץ נייע וועלטען.

לאָמיר נעמען צ. ב. ש. דעם נאָמען פון קאָפּערניקוס. קאָפּערניקוס האָט באַשאַפען אַ גאַנץ נייע טעאָריע, אַ גאַנץ נייע וועלט־אַנשויאונג. פריהער האָבען אַלע געגלויבט און אַלע זיינען געווען מער ווי איבערצייגט, אַז די ערד שטעהט אין צענטער פון דער וועלט און אַז די זון דרייט זיך אַרום דער ערד. אַזוי האָבען בפירוש געלויטעט די „הייליגע שריפטען“, וועלכע זיינען דאַן געווען דער גרעסטער אויטאָריטעט איבער אַלע מעגליכע פראַגען; און דאָס האָבען אויך אַלע געזעהן מיט זייערע אויגען און געפילט מיט זייערע חושים. יעדען טאָג האָט מען געזעהן ווי די זון געהט אויף און פאַרגעהט, און קיינעם האָט גאָר ניט געקענט איינפאַלען דער קלענסטער צווייפעל אין דעם. עס איז באַטראַכט געוואָרען אַלס עטוואָס אַבסאָלוטעס, אַלס עטוואָס, וואָס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין. און פּלוצים איז געקומען קאָפּערניקוס און האָט אויפגעבויט אַ גאַנץ נייע טעאָריע, לויט וועלכער עס איז גאָר אויסגעקומען, אַז ניט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, נאָר די ערד דרייט זיך אַרום דער זון.

אמת, — ניט קאָפּערניקוס איז געווען דער ערשטער, ווער עס האָט זיך צו דעם דערטראַכט, און ניט זיין סיסטעם איז געווען די ענדליכע און גענוג צופרידענשטעלענדע. אין די שפּעטערדיגע יאָרען האָט מען קאָפּערניקוס'עס טעאָריע פיל אויסגעבעסערט. דאָך איז ער געווען דער ערשטער, ווער ס'האָט אַרויסגעבראַכט אַ באַשטימטע פאָרם, און דעריבער קומט אים דעם גרעסטען קרעדיט פאַר דער דורכפירונג פון אָט דעם רעוואָלוציאָנערען באַגריף.

אַריינצוברענגען אין די מוחות פון דער מענשהייט דעם נייעם באַגריף, אַז ניט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, נאָר די ערד אַרום די זון, איז געווען אַזאַ קאָלאָסאַלער, אַזאַ שאַרפער איבערגאַנג פון איין באַגריף צו זיין היפּוך, וואָס האָט צו זיך פיליכט ניט קיין גלייכען אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דעם מענשליכען גייסט. דאָס האָט איינפאַך געמיינט אָוועקרוקען אַ באַרג פון זיין אָרט. דאָס איז געווען

---

זיין זינדיגקייט (דער גיהנום), לייטערונג (פּוירגאַטאָרי), און דערהייבונג צו גליקזעליגקייט (גן עדן).

בעת דאַנטע איז געשטאָרבען איז שוין זיין נאָמען געווען גרויס, אָבער נאָך זיין טויט איז זיין נאָמען נאָך גרעסער געוואָרען. דער גרויסער דיכטער פון רענעסאַנס, פּעטראַרך, דריקט זיך אַזוי אויס וועגען „דער געטליכער קאָמעדיע“: „דאָס איז ניט די שאַפונג פון דאַנטען, נאָר אַ שאַפונג פון דעם הייליגען גייסט“, און ער באַקלאָגט זיך, פאַרוואָס דער גרויסער דיכטער „האָט גאָרנישט איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע צו זאָגען“. אין די קלויסטערס פלעגט מען פון דער בימה אייניגטייטשען פּסוקים אין „דער געטליכער קאָמעדיע“, מען פלעגט שרייבען קאָמענטאַרען אויף דער פּאָעמע. דעם דיכטערס זון יאַקאָפּאָ האָט אָנגעשריבען אַ פירוש אויף זיין טאַטענס „גיהנום“, אָבער פון זיין פירוש, אַזוי ווי זיינע שירים, זעהט מען, אַז דער טאַלאַנט פון זיין פאָטער איז צו אים ניט איבערגעגאַנגען בירושה.

דאַנטע, ווי באָקאַטשיאָ באַשרייבט אים, איז געווען פון מיטעלען וואוקס, מיט אַ לענגליך פּנים, מיט אַן אָדלער־נאָז, מיט גרויסע אויגען, די באַקענקנאָכען אַ ביסעלע אַרויסגעשטאַרטשט, די אונטערשטע ליפּ אַ האָרעלע אויף פאָראויס. זיין געזיכטס־פאַרב — אַ ברוינליכע; די האָר און די באָרד — שוואַרצע און געקרייזטע, זיין גאַנג — אַ שטאָלצער און לאַנגזאַמער, און דער אויסדרוק — אַ פאַרקימערטער און פאַרטראַכטער. ער פלעגט שטענדיג טראָגען טונקעלע בגדים און האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין מעסיגקייט אין עסען און טרינקען. ער איז געווען פריינדליך אין זיין אומגאַנג מיט מענשען, מערקווירדיג אַרבייטזאַם און נאָבעל. ער איז געשטאָרבען צו 56 יאָר.

ווי אַלע גרויסע פּאָעטען, האָט דאַנטע אין זיך פאַראייניגט צוויי עלעמענטען: דעם אַלגעמיין מענשליכען און דעם נאַציאָנאַלען. די דאָזיגע פאַראייניגונג שיינט אַרויס פון זיין אומשטערבליך ווערק — „די געטליכע קאָמעדיע“. און דערפאַר איז זיין ווערק געבליבען די ירושה פון אַלע פעלקער אין אַלע צייטען. דאַנטע האָט אויסגעדריקט דעם גייסט פון אַ גאַנצען פאָלק; ער איז ניט געגאַנגען נאָך זיין יאָרהונדערט, נאָר ער האָט אים געפירט הינטער זיך, ער האָט אים מדריך געווען און געלערנט. זיין נאָמען איז שוין דורכגעגאַנגען דורך זעקס יאָרהונדערטע און איז נאָך ניט בלאַסער געוואָרען.

אָן עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. דורכצופירען אָט די אונטערנעמונג האָט זיך געפאָדערט ארבייט פון ניט איינע, נאָר עטליכע גייסטיגע ריזען, און עס האָבען זיך געפאָדערט אַ סך יאָרען, ביז ביי די מענשען אין די מוחות זאָל זיך איינלייגען דער נייער באַגריף. און קאָפּערניקוס איז געוועזען יענער גייסטיגער ריז, וועלכער האָט צו דעם געגעבען דעם שטאַרקסטען און מעכטיגסטען שטויס.

אַ צווייטער גייסטיגער ריז, אַ פיל גרעסרער און פיל באַדייטענדער, איז געוועזען ניוטאָן. די טעאָריע פון גראַוויטאַציע, וועלכע ניוטאָן האָט באַשאַפען, האָט מיט זיך ארומגענומען די גאַנצע וועלט און האָט ערקלערט די גרעסטע צאָל ערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין דער נאַטור. זיין טעאָריע האָט ערקלערט פאַרוואָס אַ שטיין פאַלט אראָפּ אויף דער ערד, ווען מען לאָזט אים אָפּ; פאַרוואָס און ווי אַזוי עס דרייען זיך די פּלאַנעטען ארום דער זון, און פאַרוואָס און ווי אַזוי עס באַוועגען זיך די ניט־זעהבאַרע מאָלעקולען און די פאַרשידענע פאָרמען פון מאַטעריע, פון וועלכע די וועלט באַשטעהט, כאָטש די באַגריפען וועגען די מאָלעקולען זיינען געקומען אַ סך שפּעטער נאָך ניוטאָנען.

צווישען קאָפּערניקוסען און אונזער צייט זיינען אַ חוץ ניוטאָנען געוועזען נאָך איניגע גייסטיגע ריזען, וועלכע עס וואָלט כדאי געוועזען צו דערמאָנען, צו מאַכען דעם פאַרגלייך שאַרפען און בולט'ער. איך קאָן עס אָבער דאָ ניט טאָן צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ.

און איצטער איז געקומען אַ נייער גייסטיגער ריז, וועלכער האַלט אין אריינברענגען אין אונזערע מוחות גאַנץ נייע באַגריפען וועגען דער וועלט און אירע ערשיינונגען. און דאָס איז אַלבערט איינשטיין, דער איד פון דער שווייץ און פּראָפעסאָר פון בערלין. געגוי צו רעדען וועגען זיין נייער טעאָריע איז נאָך דערווייל צו פריה. איינשטיין אַליין האָט זיך אויסגעשפּראָכען, אַז ער גלויבט ניט, אַז אויף דער ערד זיינען פאַראַן מער ווי צוועלף מענשען, וואָס וועלען געגוי פאַרשטיין און וואָס זיין טעאָריע באַשטעהט. די אַרטיקלען און קורצע אָפּהאַנדלונגען וועגען איינשטיינס נייער טעאָריע, וועלכע זיינען ביז איצטער דערשינען אין דער טעגליכער און וויסענשאַפטליכער פּרעסע, ווידערהאָלען די זעלבע זאַכען, כאָטש אויף פאַרשידענע אופנים, און קיין איינער פון זיי האָט ניט ארויסגעבראַכט אָדער דערקלערט די פראַגע גענוג קלאָר.

דער וויסענשאַפטליכער זשורנאַל „סייענטיפיק אַמעריקאַן“ האָט פאָרגעשלאָגען אַ פּרייז פון 5,000 דאָלאַר פאַר דעם בעסטען אַרטיקעל וועגען אָט דער פראַגע, און דער אַרטיקעל, וואָס האָט דעם פּרייז געוואונען, האָט די פראַגע ניט געמאַכט קלאָרער, ווי די אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס זיינען פריהער דערשינען. עס איז מעגליך, אַז פאַר איינשטיינען אַליין זיינען נאָך ניט גענוג קלאָר אַלע קאָנסעקווענצען פון זיין נייער טעאָריע.

דער איבערגאַנג פפון די ביז איצטיגע באַגריפען צו די נייע באַגריפען פון איינשטיינס טעאָריע איז פיליייכט נאָך אַ שאַרפערער און שווערערער, ווי דער איבערגאַנג פון איין באַגריף צום צווייטען, וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון קאָפּערניקוסעס טעאָריע וועגען דער זונען־סיסטעם. עס דאַרף נעמען אַ שטיקעל צייט ביז די נייע טעאָריע און די נייע באַגריפען וועלען איינגעזאַפּט און פאַרדייעט ווערען פון אונזערע מוחות. און אַלץ, וואָס מען קאָן דערווייל נאָר טאָן, איז רעדען וועגען דעם גאַנץ אויבערפלעכליך.

און אַלץ, וואָס מען קאָן רעדען וועגען איינשטיינס נייער טעאָריע, אין אַ פּאָפּולערער שפּראַך, וועל איך פּרואוּוען איבערגעבען אין די ווייטערדיגע אַרטיקלען, און דערווייל וועל איך פּרואוּוען ענטפערן אויף אַ פראַגע, וועלכע דער לעזער קאָן פיילייכט שטעלען.

דער לעזער קאָן שטעלען די פראַגע, ווי אַזוי קאָן מען דערלאָזען דעם געדאַנק, אַז איינער זאָל אויפבויען אַ נייע טעאָריע און עס זאָל אים אַליין ניט זיין גענוג קלאָר? אויף דעם וועל איך ענטפערן אָט וואָס:

צו זיין נייער טעאָריע איז איינשטיין געקומען הויפּטזעכליך דורך מאַטעמאַטישע אויסרעכנונגען; און מאַטעמאַטישע אויסרעכנונגען האָבען אין זיך אַ אייזערנע לאָגיק, וועלכע פאַרפירען דעם מענשען אין ווייטע דרכים, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם אויסרעכנער. צו אילוסטרירען אָט דעם געדאַנק וועל איך ברענגען אַזאַ ביישפּיל.

אַלע ווייסען, אַז מיר האָבען איצטער אַזאַ זאַך ווי דראָטלאָזע טעלעגראַפיע. דראָטלאָזע טעלעגראַמעס פאַרשפּרייטען זיך אין דער לופטען דורך אַ באַזונדער מין עלעקטראָ־מאַגנעטישע כוואַליעס, וועלכע פאַרשפּרייטען זיך פון עלעקטרישע פונקען. דער ערשטער, ווער עס האָט אָט די עלעקטראָ־מאַגנעטישע כוואַליעס אַנטדעקט, איז געווען דער דייטשער פּראָפעסאָר הערץ — אויך אַ איד. און אַז אַזעלכע עלעקטרישע כוואַליעס פאַרשפּרייטען זיך פון עלעקטרישע פונקען האָט פאָראויסגעזאָגט דער ענגלישער געלערנטער מאַקסוועל נאָך מיט 25 יאָר איידער פּראָפ. הערץ האָט אָט די עלעקטרישע כוואַליעס אַנטדעקט. פּראָפ. מאַקסוועל איז ,אויפ'ן גרונד פון מאַטעמאַטישע אויסרעכנונגען געקומען צום באַשלוס, אַז אַזעלכע כוואַליעס פאַרשפּרייטען זיך פון די עלעקטרישע פונקען, כאָטש ער האָט קיין מעגליכקייט ניט געהאַט צו דערווייזען דאָס אויף דער פּראַקטיק. און ערשט אין 25 יאָר ארום האָט מען אָט די כוואַליעס אַנטדעקט.

און אומגעפער דאָס זעלבע, נאָר מער קאָמפּליצירט, קומט פאָר מיט איינשטיינען. זיין נייע טעאָריע האָט ער אויסגעאַרבייט אויפ'ן גרונד פון מאַטעמאַטישע אויסרעכנונגען, און די קאָנסעקווענצען האָבען זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען ערשט שפּעטער, אין יאָרען ארום, ווי דאָס וועט דערקלערט ווערען אין די שפּעטערדיגע אַרטיקלען.

---

# און זעהסטו אַמאָל

## פון אַרטור עסעלין

און זעהסטו אַמאָל מיך אין גאַס געהן
מאַך זיך, דו האָסט ניט דערזעהען:
קען דען אַזוי ניט געשעהען,
ווען איילענד דו זאָלסט מיך פאַרבייגעהן?

און שפּעטער דעם קאָפּ קער צוריק,
מיין נאַקען דיין בליק וועט דערשפּירען,
קען דען צום בייזען דאָס פירען —
פון דיר אַ געשאַנקענער בליק?

מיין אויג וועט באַגלייטען דיין שאָטען,
— שטיל — דאָס הארץ וועט נאָר שלאָגען . . .
ס'יאָז מיינע, די גאַס — וועל איך זאָגען, —
עס האָט דאָך דיין פוס דאָ געטראָטען . . .

# א פאר שורות וועגען דעם פארענדיגטען קאמף

פון י. וויינבערג

דאס ערשטע מאל, וואס מיר איז אויסגעקומען באקאנט צו ווערען מיט דער מאסאטשוזעטס פראגע, איז געווען ביי דער זעקסטער קאנווענשאן פון ארבייטער־רינג. שוין דאמאלס איז מיר די גאנצע פראגע פארגעקומען זעהר מאדנע. פון די זעהר קורצע פארהאנדלונגען, וועלכע זיינען דאן פארגעקומען, האט מען געקאנט ארויסנעמען, אז דא האנדעלט זיך ניט וועגען דעם, ווי אזוי צו באשיצען די מעמבערס פון מאסאטשוזעטס סטייט, אז זייערע בענעפיטס זאלען זיין גאראנטירט. ווייל אויב דער ארבייטער־רינג איז ניט פינאנציעל שטארק גענוג, וואס וועט דאס געזעץ העלפען? און אויף א נייעם מעמבער האבען די פארהאנדלונגען געמוזט מאכען א שווערען איינדרוק: ווער פאר וועמען האט דא מורא? און נאך שטארקער איז געווארען מיין פארדאכט, ווען צווישען אנדערעס האט זיך איינער פון די דעלעגאטען פון מאסאטשוזעטס אויסגעדריקט, אז „אויב עס וועט אויסקומען צו שיידען זיך, זאלען די בראנטשעס פון מאס. סטייט זיין פארבארייטעט דערצו.“

ווי איר זעהט, איז שוין דאמאלס גערעדט געווארען פון „שיידען זיך“. ביי מיר איז מער קיין צווייפעל ניט געווען, אז די פראגע וועגען געזעץ איז בלויז א נעבענזאך, אז מען וויל האבען אן איינען קלייזעל.

עס איז נישט מיין אבזיכט צו שרייבען די גאנצע געשיכטע וועגען דעם קאמף פון ארבייטער־רינג אין מאס. סטייט. דאס וועל איך איבערלאזען פאר די יעניגע, וואס האבען דאס מאטעריאל דערצו און זיינען אימשטאנד עס צו טאן.

אין די פאר ווערטער, וויל איך בלויז איבערגעבען דעם איינדרוק, וואס אויף מיר האט געמאכט די ערשטע פארהאנדלונג וועגען מאס. סטייט.

דער קאמף איז געווען זעהר א פארביסענער און א פארביטערטער. מחמת דא איז ניט געווען א פראגע פון באקעמפען א פאליטישען געגנער; עס איז נישט געווען א פראגע איבערצייגען ווער ס'איז גערעכט. דאמאלס, אין אנפאנג, איז געווען נאר איין געשריי: „געזעץ! מיר ווילען זיין געזעצליך!“

האט מען דאך געקאנט מיינען, אז זיי זיינען דאס אזעלכע געזעץ־ליבענדע מענשען. ס'חייבט זיך גארניט אן. ס'איז געווען נאר א תירוץ, ווייל נאכדעם ווי זיי האבען זיך ארגאניזירט, האבען זיי זיך ניט באשרענקט בלויז מיט מאס. סטייט; ניין, זיי האבען באלד ארגאניזירט בראנטשעס אויסער מאס. סטייט. ווי צום ביישפיל, אין ניו־בריטען, און ניט געוועזן געזעצליך אין קאנעקטיקוט סטייט . . . ווען מען האט די מאכערס געפרעגט (ביי דער ניו־בריטענער קאנפערענץ), פארוואס נעהמט איר ארויס אין אנדערע סטייטס ארגאניזירען בראנטשעס? האבען זיי געענטפערט: מיר ווילען לעבען.

דאמאלס האט שוין קיינער ניט געצווייפעלט, אז דא האט מען צו טאן מיט אומפאראנטווארטליכע פערזאנען, וועמען די ארבייטער־באוועגונג ליגט אפילו אין דער לינקער פאה ניט. וואס האבען מיר געזאלט טאן? לאזען צו גרונד געהן דעם ארבייטער־רינג, וועלכער האט אין זיך פארקערפערט אלץ, וואס ס'איז גוט און שיין? אלע האבען פארשטאנען, אז קוים לאזען מיר ברעכען די רייהען פון ארבייטער־רינג, וועט אויך די גאנצע ארבייטער־באוועגונג ליידען דערפון. נאך עטוואס: ווען זיי אליין האבען שוין אויפגעגעבען דאס געשריי: „געזעץ!“ האבען זיי באשאפען אן אנדער מאטא: דער ארבייטער־רינג איז נישט פראגרעסיוו גענוג, ראדיקאל גענוג, זיינע פארוואלטער זיינען ניט ערליך גענוג. און ווייסט איר ווער עס האט זיי געהאלפען אין דעם קאמף פון ראדיקאליזם, פראגרעסיוויזם און ערליכקייט? — די דאמאלדיגע טעמעני האל צייטונג, די „וואר־הייט“ . . . לאכט ניט, פריינדע, דאס אלץ זיינען פאקטען.

דאן איז באשלאסען געווארען — מען קאן זאגען, מיט דער צושטימונג פון דער גאנצער אידישער ארבייטער־באוועגונג — אויסצוראטען אט דעם שלעכטען גייסט פון צעשטערונג און זעהן צו באקעמפען אט די היפאקריטסטווא, וואס האט זיך באהאלטען אונטער דעם מאנטעל פון געזעץ און דערנאך זיך איינגעוויקעלט אין א טלית פון ראדיקאליזם. פארגעסט ניט, אז זיי האבען קאפירט די גאנצע קאנסטיטושאן מיט די פרינציפען־ערקלערונגען פון אונזער ארדען, האבען צוגענומען אונזער נאמען. דאס איז יא כשר געווען.

די אידישע ארבייטערשאפט אין מאס. סטייט האט זיך דאן געפונען ווי אין א קריגס־צושטאנד. קאנפערענצען, פארזאמלונגען, געהיימע מיטינגען. עס האט געקאכט מיט אקטיוויטעט. „מיר מוזען זיגען“ איז געווארען אונזער מאטא. די זיבענער קאמיטע, וועלכע איז ערוויילט געווארען ביי דער 9טער קאנווענשאן (באשטעהענדיג פון די פריינדע באקס, פיינסילווער, אלפערט, ס. מנסר, מ. וואלפערט, א. העלד און מ. פיין. די לעצטע צוויי האבען באלד רעזיגנירט), האט איבערגענומען די שווערע ארבייט. טאג און נאכט געארבייט, פארנאכלעסיגט זייערע פאמיליען, רואינירט זיך מאטעריעל אין פולען זין פון ווארט. יא, אמת'ע היילינע זיינען דאס געווען. שטעלט זיך פאר, אונטער וואס פאר א אומשטענדען זיי האבען געארבייט! ביי יעדער פארזאמלונג א שפיאן. און ווען ניט אן אייגענער, איז א רעגירונגס דעטעקטיוו. און מאנכע פון די טוער זיינען טאקע ארעסטירט געווארען אויך. עס איז געווען א קאמף אויף לעבען און טויט. זיי, די פירער פון „אינדעפענדענט ארבייטער־רינג“, זיינען דאך געווען ביי זיך אין דערהיים און האבען געהאט א בעסערע געלעגענהייט צו פארשפרייטען די שרעקליכסטע פארלוימדונגען, ארויסצורופען און פארשפרייטען אומצוטרוי צו די פארוואלטער פון ארבייטער־רינג. און דאך איז עס אונז געלונגען צוריק צו געווינען דעם צוטרויען. עס האט געקאסט זעהר פיל, מען האט טייער באצאלט, אבער עס האט זיך געלוינט.

עס וואלט זיך וועלען שרייבען און שרייבען וועגען די אלע געשעהענישען, וועלכע זיינען פארבונדען מיט'ן קאמף אין מאס. סטייט; וועגען די אלע קרבנות, וואס זיינען געבראכט געווארען פון די מעמבערס פון ארבייטער־רינג. אויך דער קאמף וועגען פראטווירנאל רייטס קאן פאררעכענט ווערען אלס פארזעצונג פון דעם אלטען קאמף. ווייל לאמיר זיך ניט נארען: פראטווירנאל רייטס זיינען ניט אנגענומען געווארען, ווייל מיר זיינען ניט געווען פינאנציעל שטארק גענוג, נאר אויסשליסליך כדי געזעצליך צו ווערען אין מאס. סטייט.

ווילען די אידישע ארבייטער אין מאס. סטייט אנערקענען אט די שווערע ארבייט, וועלכע איז אוועקגעלייגט געווארען, כדי צו האבען איין ארבייטער־רינג, וואס מיינט אויך איין פאראייניגטע אידישע ארבייטער־באוועגונג אין אמעריקע? דאס נאטירליך בלייבט איבער צו זעהן.

---

„די צייטען זיינען שלעכט . . . אמת. אבער אויף יענער־זייט זיינען די צייטען ערגער ווי שלעכט, פינסטערער ווי חושך, און אויב מיר זאלען זיך ניט פילען מיט זיי — ווער וועט עס טאן?

* * *

זעהט אז אייערע פריינד, וואס קומען יעצט פון אייראפא, זאלען אין גיכען ווערען אונזערע אלעמענס פריינד; אריינטרעטענדיג צו אונז אין רינג.

מערסטע מענשען, ווען זיי פרעגען אייך אן עצה, וואלטען זעהר וועלען, אז איר זאלט זיי געבען די, וואס זיי ווייסען אליין און וואס זיי האבען שוין פאר זיך באשלאסען.

* * *

פארד'ס אנטיסעמיטיש פערדעל האט נאך ניט דערוויזען זיך רעכט פאנאנדערצויאגען, ווי מ'שרייט שוין פון אלע זייטען: פררו... פררו...

# ער קען מיך . . .

(א שפאס)

פון דוד ברוין

דאס פאלגענדע איז אן אמת'ע פאסירונג.

געווען איז דאס אומגעפער מיט פערצען יאר צוריק. מיין פרנסה, געדענק איך, איז דאמאלס געווען זעהר ניט קיין געהויבענע, טראץ דעם וואס איך בין נאך ניט געווען אזוי שטארק מפורסם אין פעטערסאן אלס סקיצען־שרייבער.

איך זאג „טראץ דעם“, ווייל שפעטער, ווען לייט האבען מיין פעדער שוין מער געקענט, האבען טאקע די מייסטע אידישע סילק־מאנופעקטשורערס מיך געהאט גוט אויפ'ן אויג. געלייענט האבען זיי גערן מיינע וועבער־מעשה'לעך; א טייל זיינען זאגאר געווארען מיינע „פאטריאטען“, דערפאר אבער האבען זיי מיך פארלייקענט אלס וועבער — זיי האבען פשוט מיר קיין דזשאב ניט געוואלט געבען. ווארום? איך ווייס ניט נענוי. מעגליך דערפאר, ווייל זיי האבען זיך געשראקען פאר א ליטערארישער „עין־הרע“ . . . און ווידער לעבען בלויז פון דער פעדער, וואלט דערצו נייטיג געווען, אז איך זאל זיצען ביי א רייכען שווער אויף קעסט . . . און גראד בין איך דאמאלס נאך געווען א בחור.

איך האב אנגעפאנגען צו וועבען אין א נייע שאפ און האב ליידער אנגעטראפען זעהר שלעכטע ארבייט.

מיין שאפ־שכן איז געווען מזל'דיגער פון מיר. קודם איז ער קיין ליטעראט ניט געווען. דאס אליין איז שוין א מעלה. צווייטענס, האט ער טאקע געהאט לייכטערע ארבייט; א סימן, געדענק איך, אז ער האט זיך געקאנט ערלויבען אריינצוקוקען אין א צייטונג אין מיטען דער ארבייט, בשעת דער וועב־שטול האט געהאלטען אין געהן, ווערענד איך האב רעכט קיין צייט ניט געהאט אפצואטעמען.

געקענט האב איך מיין שכן ניט. איך האב בלויז באמערקט אן זיינע מאניערען און אן זיינע קליידער, אז ער איז נאך גאר א „גרינער“. איבערהויפט זיינען מיר אויפגעפאלען זיינע היימישע הויזען מיט די שמאלע געפאסטע נאגעוויצעס און מיט די „הוק־טאשען“, אזעלכע קעשענעס, וואס עפענען זיך ניט ביי דער זייט, נאר זיינען געשניטען גלייך, פונקט ווי אין א ראק, אזוי, אז ווען מען שטעלט אין זיי אריין די הענט, קאנען ביידע גראבע פינגער זיך געבען „שלום־עליכם“ פון אויבען.

און ביי מיין שכן איז דאס טאקע געווען אזא מין פאצעטיש חנ'דעל צו האלטען די הענט אין די הויזען־פאקעטס, די דוימען־פינגער פון אויבען געשלאסען און דערביי וואוויליונגיש זיך פייפען א ניגונ'דעל.

אט דאס דאזיגע פאצעטישע חנ'דעל האט מיך תמיד גענערט. און איך בין מודה, אז דאס איז געווען אוים קנאה פון מיין זייט: איך, אן אויסגעגרינטער, א געלער, מוז הארעווען ווי אן אייזעל און האב אפילו ניט צייט א שמייכעל צו טאן און דא שטעהט זיך א „גרינהארן“ מיט די הענט אין „הוק־טאשען“ און פייפט אויף אמעריקע . . .

און מאדנע! דער בחור האט מיך באהאנדעלט ווי ער וואלט דאס געווען דער „געלער“ און איך — דער „גרינער“.

איך האב איבערהויפט גארנישט גערעדט צו אים; איך בין איינפאך געווען צו פארטאן אין מיינע צרות — ער אבער האט יא געהאט צייט און געוואלט האט זיך אים דוקא מיך „אגיטירען“.

לאכט ניט! ער האט דוקא מיך געוואלט מאכען פאר א קלאסען־באוואוסטען ארבייטער . . .

אי, פון וואנען האט ער געוואוסט, אז איך בין דאס נאך ניט און אז ער מוז מיך ערשט „אגיטירען“ — דאס, זעהט איר, איז מיר נאך ביז היינט א רעטעניש. נאר מעגליך האט מיין צרה'דיגע פיגור דאמאלס געמאכט אויף אים אזא מין איינדרוק . . .

ער איז געווען איינער פון די פילע יונגע פראסטאקעס, וועלכע זיינען מיטגעכאפט געווארען אין דער היים מיט'ן שטראם. דער „בונד“ האט אין יענער צייט וואונדער אויפגעטאן מיט די דאזיגע אונוויסענדע חברה. דער „בונד“ האט אין זיי אריינגעבלאזען א נייע נשמה און געוועקט אין זיי דעם בעסערן, דעם איידעלערן מענשען. מיט פילע פון דעם זארט האב איך זיך שפעטער באקענט. פארשוינען, וועלכע זיינען פריהער געווען איינפאכע ווייסע־חברה'ניקעס, האט דעם „בונדס“ איינפלוס אויף זיי אזוי שטארק געווירקט, אז זיי זיינען געווארען ערנסטע געלאסענע ארבייטער. א טייל האבען זאגאר דערוויזען צו ווערען אינטעליגענטע, דענקענדע לייט.

און מיין שכן איז אויך געווארען אזא „מיטגעכאפטער“, אבער מיט זעהר א מאגערן גייסטיגען באגאזש. זיין גאנצע פערזאן איז געווען אן ארימע און א קליינליכע.

איינמאל האט ער געבראכט מיט זיך אין שאפ אריין א קליין ניט־געבונדען ביכעלע פון דעם „בונדס“ אידישע אויסגאבען, א ביכעל פאר פשוט'ע הי־וקים'ס, וועמען מען מוז געבען יעדע זאך גוט צוקאיען, אניט פאדרייעט עס ניט זייער גייסטיגער מאגען.

— איר קאנט דאס לייענען? — טוט ער מיך א פרעג, אנצייגענדיג מיר אויף דעם ביכעל.

די פראגע איז מיר פארגעקומען אזוי פלוצלונג און אזוי מאדנע, אז איך האב אין פלוג ניט געוואוסט וואס אים צו ענטפערן.

— ס'איז געפינטעלט (מיט נקודות)! — שארפט ער מיר איין.

— אה, אויב געפינטעלט, — ענטפער איך אים מיט א שמייכעל — וועל איך עס אפשר יא קאנען לייענען . . .

בטבע בין איך א שלעכטער אקטיאר; איך האב בכלל פיינט צו שפילען א פארמאסקירטע ראלע — מיין שכן אבער האט מיך איינפאך געברענגט דערצו, אז איך זאל מיך צייגען פאר אים ווי א מיאוס'ער פראסטאק. עפעס איז ער באלד צוגעגאנגען צו מיר מיט אזא רחמנות'דיגער פאראכטונג, מיט אזא שטאלצער איגנארירענדער מינע, א שטייגער ווי ער וואלט געווען א געבוירענער פראפעסאר און איך, ווייס איך דארט, עפעס א „יאט“ פון דער הינטערגאס.

און איך האב געשפילט מיין ראלע אויסגעצייכענט!

דינער־טאים פלעגט ער פארלעזען גאנצע שטיקער פון דעם ביכעל און דאס מיר אויף זיין שטייגער פארטייטשען, אז דער קאפ פלעגט מיר אנפאנגען צו דרייען . . .

— וואס האט איר געטאן אין דערהיים? — טוט ער מיך איינמאל א פרעג.

— נו, וואס? „געמארוויכענט“ אביסעל — פארטרוי איך אים א סוד . . .

— געלאטכענט?

— וואס דען? . . .

— אך, די פאנאטישע דערציהונג! — האט ער פרום־זיפצענדיג געשאקעלט מיט'ן קאפ.

פיל מאל האט מיך זיין „אגיטאציע“ שוין גענומען דערעסען. איך האב פשוט קיין צייט ניט געהאט צו אים און דא פלעגט ער אלץ קומען אין מיטען דער ארבייט און רק מיך פלאגען מיט זיין ליטעראטור־קענטעניש.

איין טאג אבער האט ער עס גאר געמאכט ווי א כוואט. ער האט מיט זיך געבראכט א „פארווערטס“ און מיר גענומען פארלעזען א סקיצע פון דוד ברוין . . . און, רבונו של עולם! ווי דער מענש האט דעם ארימען דוד ברוין צע'הרג'עט, ווי ער האט אים צוקאליעטשעט! עפעס האט ער דאך גאר אן אנדערע זאך געלעזען, גארנישט דאס, וואס איך האב געשריבען!

און געלייענט האט ער פאר מיר, ווייל, ווי שוין געזאגט, ס'איז מיר שווער געווען צו לייענען אן פיטעלעך, און דער „פארווערטס“ איז דאך ליידער אן נקודות.

— הערט נאר, — טו איך טשיקאווע אים א פרעג — קענט איר דעם דוד ברוין?

— הערסטו א שאלה! — לאכט ער גדלות'ריג. — ער איז דאך א היגער, א פעטערסאנער וועבער!

איך האָב באַטראַכט מיין שכן, ווי גלייך די ווערטער געהען אים אַרויס פון מויל, און האָב געשמייכעלט אין מיר.

— קליינליכער נאַרישער בלאָפער!

עפּעס איז אים ניט אָנגעשטאַנען, אַז ער, אַ קליינינקייט „ער", דער געבילדעטער, דער ידען, אַז ער זאָל ניט קענען דעם שרייבער פון זיין שטאָט, פון זיין טרייד . . .

— ווי קוקט ער אויס? — ציה איך ווייטער פון אים.

— אַזאַ לאַנגער שמעגדע מיט אַ הויקערדיגער נאָז און מיט אַ בערדעל . . .

קורץ, דער בחור האָט פון מיין פּערזאָן געמאָלען אַ בילד, אַז אַ שרעק האָט מיך אָנגעכאַפּט.

צום שלים־מזל איז צו אונז צוגעקומען מיינער אַ באַקאַנטער און מיך אַרויסגעשלאָגען פון פּראָסטאַק־ראָלע.

— ברוין, — האָט יענער גאַנץ אומשולדיג אַ זאָג געטאָן צו מיר — איך האָב געלעזען אייער סקיצע.

מיין שכן האָט זיך דערביי אָנגעהויבען צו פיהלען ניט־היימליך. איך האָב באַמערקט, אַז ער איז באַלד צוגעגאַנגען צו עטליכע אידישע ארבייטער און האָט זיי מסתמא געפרעגט, ווער איך בין, ווארים ער איז צוריק אַ רויטער אין געזיכט און האָט דערנאָך אַ לאַנגע צייט זיך געשעמט צו קוקען מיר אין די אויגען אַריין.

# געזייעט מיט טרערן...

### פון איזידאָר קאַהן

דאָס איז געווען אין 1910. דאַן, ווען אַלע נערוועז און כחות פון די דאַמאָלסדיגע טוערס און געטרייע מעמבערס פון א.־ר. זיינען געווען אָנגעשטרענגט אין דעם קאַמף פאַר איין א.־ר. אין אַמעריקאַ; דאַן, ווען אַ געוויסער „רעטער" פון דעמאָקראַטיע אין א.־ר. האָט אויפ'אַ שענדליכען אופן אָפּגענאַרט די פאַרוואַלטערס פון א. ר., גרינרענדיג זיין קלייזעל אין באָסטאָן. דער זעלבער כשר'ער איד איז דערנאָך אַרומגעגאַנגען מיט די דעטעקטיוון צו די מיטינגען פון אונזערע ברענטשעס אין באָסטאָן און אומגעגענד און אָנגעצייגט אויף אונזערע סעקרעטאַרען ווי אויף געפערליכע פאַרברעכער, און מאַנכע פון זיי זיינען טאַקע אַרעסטירט געוואָרען. עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען טאַקע די גרעסטע פאַרברעכענס אָפּגעטאָן. פילע פון די ברענטש געשעפטס־ביכער זיינען קאָנפיסקירט געוואָרען, עפּעס אַזוי ווי געהיימע פאַרבאָטענע ליטעראַטור, וואוינונגען פון ברענטש־באַאַמטע זיינען איבערפאַלען געוואָרען פון דעטעקטיוון און אַדיוטאַנטען פון דעם „ריטער" פון דעמאָקראַטיע. מ'האָט אויפגעריסען טראָנקס פון ברענטש־סעקרעטאַרען און געזוכט דאָרטען, פונקט ווי פאַלמערס אַגענטען האָבען געטאָן אין זייער ווילדען געיעג אויף די ראַדיקאַלען.

אין אַלע עפענטליכע פּלעצער אין באָסטאָן זיינען רערשינען פּאָוסטערס, אַז בולגאַטש און וויינטרויב, דער דאַמאָלסדיגער טשערמאַן און דזש. סעק. פון א.־ר., ווערען געזוכט פון דעם קאָמישאָנער און אינשורענס פון מאַסאַטשוזעטס סטייט, אַרעסטירט צו ווערען. די אויגען פון אונזערע טויזענטער מעמבערס פון א.־ר. זיינען געווען אָנגעשטרענגט אַהין אין באָסטאָן, דאָרטען וואו דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען און וואו אונזערע מיטגלידער פון די מאַסאַטשוזעטסער ברענטשעס האָבען געהאַט אויסצושטעהן ענוים קשים פאַר זייער טרייהייט און איבערגעבענהייט צום אַרבייטער־רינג. דאַן האָבען זיך אַ גרופּע גענאָסען פון טשעלסי, מאַס., געמאָלדען שריפטליך צום דזשענעראַל אָפיס פון א.־ר. עס איז נאָך דאַן ניט געווען זיכער פעסטגעשטעלט, אַז דער א.־ר. טאָר שוין ניט טאָן קיין „ביזנעס" אין מאַס. סטייט. דער קאַמף פון געזעצליכקייט האָט זיך נאָר וואָס אָנגעפאַנגען. עס זיינען נאָך דאַן געווען האָפנונגען, אַז דער קאַמף וועט זיך ענדיגען מיט אַ זיג אויף אונזער זייט, און די גענ. עקז. האָט פאַר קיין פאַל ניט געמיינט צו נעהן נעגען די געזעצען פון מאַס. סטייט, מיט דעם וואָס זיי האָבען באַשלאָסען צו אינסטאַלירען אָט דעם ברענטש אין טשעלסי. דער שרייבער פון די צייל̇ען איז אויסגעקליבען געוואָרען צו פאָרען מאַכען דעם „דזשאָב".

דעם אמת זאָגענדיג, האָט מיר אפילו דאָס האַרץ געציטערט פאָרענדיג אַהין. עס האָט זיך שוין דאַמאָלס געהערט וועגען די אומגערעכטינקייטען, וואָס עס ווערען אין מאַס. סטייט אָפּגעטאָן נעגען אונזערע מיטגלידער. צו פאָרען דאַן אַהין האָט פשוט געמיינט סכנות נפשות, נאָר מ'האָט מיר אויסגעקליבען — בין איך געפאָרען . . .

אַראָפּגעהענדיג פון סאַוט סטיישאָן אין באָסטאָן אַ געוויסען שבת ביינאַכט, בין איך באַגעגענט געוואָרען פון אַ גרופּע

נפתלי:

## דריי ווערטער

### (פעליטאָן)

. . . געזעצליך אין מאַסאַטשוזעטס!

אָך! וואָס אַרום די דאָזיגע דריי ווערטער האָט זיך אַביסעל אָפּגעטאָן!

וואָס פאַר אַ חבלי לידה, יסורים און עניום קשים די דאָזיגע דריי ווערטער האָבען נעביך געמוזט אויסשטעהן! . . מיט וויפיל סודות רמזים, שמות און רצופים זיינען עס אָט די דריי ווערטער אַרומגערינגעלט . . .

וויפיל מיה, אַרביים, ענערגיע, אומרוהיגע טעג און שלאָפלאָזע נעכט מ'האָט עס אָט פאַר די דריי ווערטער אַוועקגעגעבען . . .

צוועלף קאָנווענשאָנס נאָכאַנאַנד האָבען אָט די דריי ווערטער פון די ליפען ניט אַראָפּגעלאָזט . . . אַ גאַנצער טוץ פאַרוואַלטונגען פון פאַרשידענע „סייזעס" — נײַנער, פופצענער, און דרייסיגער, האָבען זיך מיט די דאָזיגע דריי ווערטער מתעסק געווען . . . פיער־און־אַ האַלב גענעראַל סעקרעטאַרען האָבען איבער אָט די דריי ווערטער שיר זייערע ציינער אויפגעגעסען. . . דריי אָדער פיער רעדאַקטאָרען האָבען צוליב די דאָזיגע דריי ווערטער כמעט זייערע פינגער — אָפּגעפרוירען . . . אַ האַלבער מנין אַדוואָקאַטען האָבען איבער אָט די דריי ווערטער שיר זייערע אייגענע און פרעמדע קעפּ צעבראָכען . . . אַ גאַנצע כאַפּטע עקספּערטען און סטאַטיסטיקער זיינען צוליב אָט די דריי ווערטער אין אַ ים פון ציפערן שיר ניט דערטרונקען געוואָרען . . .

ס'איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז גאַנץ קהל האָט וועגען די דאָזיגע דריי ווערטער זיך גוט געלאָזט טן אָפּעראַציע איבער די קעשענעס מאַכען . . .

און ס'איז געזעסען און געוואַרט, גע'חלומ'ט און געחאַפּט, אַז באַלד, באַלד, הײַנט, מאָרגען: אָט, אָט קומט די גאולה . . .

אָבער דאָרט אין יענער שווערער מדינה, וואָס ניט יעדער איינער קאָן איר נאָמען אַזוי לייכט אַרויסרעדען — מאַ־סאַ־טשו־זעטס — איז זיך געזעסען דער ממונה איבער אינשורענס — אַ רוהיגער, געלאַסענער, קאַלטבלוטיגער גוי, וואָס האָט דוקא אַ אידישען קאָפּ אויף זיך און האָט זיך ניט געאײַלט . . . ס'האָט זיך ביי אים געצויגען ווי פון פעך . . .

פריהער וויל ער וויסען צי מיר האָבען די „גודס", טאַקע ווי אין פסוק שטעהט: „מה אנו ומה חיינו" — אויף פּראָסט אידיש: פון וואַנען מאַכסטו אַ לעבען . . . שפּעטער הייסט ער וואַרטען ביז ער וועט מדקדק זיין צי יעדעס פינטעלע און שטריכעלע פון אונזערע חשבונות שטעהט אויף דעם ריכטיגען אָרט . . . דערנאָך איז אים עפּעס אַ פסוק פון אונזער קאָנסטיטוציע ניט געווען צום האַרצען . . . לסוף איז ער זיך גלאַט מיישב און וויל וויסען אונזער גאַנצען סדר־יחוס, אפשר געפעלט אים ניט גאָר די משפחה . . . אָט אַזוי כסדר אַלץ חקירות ודרישות, שאלות און גלאַט קלאָץ־קשיות . . .

און ואחר ככלות הכל, אַז מיר האָבען אים שוין באַוויזען ברור כשמש, אַז אונזער קאַסע געפינט זיך אין אַ געהויבענער שטימונג, און מיר אַליין זיינען דאָס אויבערשטע פון שטייסעל, דאַכט זיך שוין כולו זכאי . . . לאָזט זיך אויס אַ נייע מעשה, אַ פרישע אָנשי־קעניש: עפּעס אַ גזירה וועגען קראַנקען־בענעפיט, וואָס מ'מוז אין יענער מדינה צאָלען ניט לויט דער קעשענע, און ניט אפילו לויט דעם שכל, נאָר גאָר לויט די יאָרען . . .

גענאָסע פון באָסטאָן, אונזערע דראמאָלסדיגע „פיימערס“ אין דעם קאַמף, ווי באַקסט, אייזענבערג, דר. פּאַלמער, און נאָך איינינגע, וועלכע איך געדענק ניט גענוי זייערע נעמען. זיי זיינען אַלע געווען מיט פאַרזאָרגטע פּנים׳ער, און מיט שרעק אין זייערע אויגען האָבען זיי מיר געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַ געפאַר דעם אָוונט צו מאַכען די אינסטאַליישאָן, ווייל „חברה“ האָבען זיך דערוואוסט, און דער מיטינג־לאָקאַל, וואו די אינסטאַליישאָן האָט געדאַרפט פאַרקומען, איז אַרומגערינגעלט פון פאַרדעכטיגע פּערזאָנען. „אויב“, זאָגען זיי, „איך בין צופרידען צו בלייבען אין באָסטאָן אַ פּאָר טעג, וועט מען דאָס מאַכען אין אַן אַנדער פּלאַץ“. איך בין אָבער פעסט באַשטאַנען, אַז עס מוז דעם אָוונט זיין די אינסטאַליישאָן: עפּעס האָט זיך מיר ניט געוואָלט זיי, די „כשר׳ע“ מוסרים־חברה, געבען די „סאַטיספעקשאָן“, און איבערהויפּט האָב איך געפילט, אַז איך נעה דאָ ניט טאָן קיין פאַרברעכען. די באַגייסטערונג פאַר דעם שלאָגוואָרט „איין אַ.־ד. אין אַמעריקא“ איז דאַן געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב אויף דעם מאָמענט געפילט ווי עס מעג קומען וואָס עס וויל איבער מיר — איך מוז דאָס מיינינגע אויספירען. דאָס אַמאָליגע בונדיסטישע בלוט האָט זיך אין מיר צעשפּילט, און בין אַוועק, אין באַגלייטונג פון מיינע פריינד, אין טשעלסי.

צוקומענדיג צו דעם פּלאַץ, וואו דער מיטינג האָט געזאָלט פאָרקומען, האָט מען מיר אָנגעצייגט, ווי איבער דער סטריט דרייען זיך אַרום אַ פּאָר פּערזאָנען, „קולאַק־דעמאָקראַטען“, וואָס קאָנען „דעליווערען די גודס“. איך האָב מיר אָבער אויף דעם ניט אומגעקוקט, און בין אַריין אין האָל. איך בין פון די אַנוועזענדע אויפגענומען געוואָרען מיט אַ גוואַלדיגער באַגייסטערונג. קענטיג, זיי האָבען מיך באַטראַכט פאַר אַ גרויסען העלד, וועלכער וואַגט צו נעהן אין דעם שונא׳ס לאַגער.

דער מיטינג איז געווען אַ פייערליכער. אַלץ, וואָס מיר האָט זיך געוויקעלט אויפ׳ן הארצען, האָב איך אַרויסגעבראַכט אין אַ פייערדיגער באַגייסטערטער רעדע. עס איז מיר אָבער דאָך ניט באַשערט געווען דורכצופירען מיין מיסיע אין גאַנצען: דעם שונא איז דאָך געלונגען דורכצופירען זיין „גאָבעלע“ אַרבייט. שוין כמעט צו דער ענד פון דעם מיטינג איז געוואָרען אַ טומעל אין האָל! עס האָבען זיך דערהערט פּעטש מיט אַ גוואַלד: „פּאָליציי און דעטעקטיוום גנהען!“ די אַנוועזענדע האָבען אין גרויס אויפרעגונג גענומען לויפען, ווער דורכ׳ן טיר און ווער דורך די פייער־עסקייפּס, און אין גרויס טומעל, שפּאַרענדיג זיך דורך דעם אויפגערעגטען עולם, פּרובירענדיג צו האַלטען אָרדענונג און אַפּעלירענדיג צו די אַנוועזענדע צו האַלטען זיך מוטיג און ניט צו פאַרלאָזען דעם האָל, געדענק איך ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, ווי איך בין פון עמיצען אָנגעגריפען געוואָרען און האָב באַקומען אַ מאַסאַטשוזעטסער געזעצליכען פּלעט איבער׳ן קאָפּ . . . איך בין רויט געוואָרען, ניט אַזוי פון דעם קלאַפּ, ווי פון דער ביטערער שאַנד און קרענקונג, מיט וועלכע שמוציגע מיטלען מענשען, וועלכע האָבען פּרעטענדירט צו זיין גענאָסען און רעטער פון דעמאָקראַטיע אין אַ.־ד., באַנוצען זיך אום אויפצוהאַלטען זייער קלייזעל.

פון דאַן אָן איז דער קאַמף אָנגעגאַנגען פאַר יאָרען לאַנג. יענע חברה האָט געטאָן אַלץ אין דער וועלט צו דיסקרעדיטירען דעם אַ.ר., אַרויסגעהענדיג פון די גרעניצען פון זייער געזעצליכען סטייט. אַלע פאַרזוכען פון דעם אַ.־ר. דורך דער גאַנצער צייט צו באַקומען עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג אין מאַס. סטייט איז פון אָט דער חברה מיט אַ ל ע מיטלען געשטערט געוואָרען. קאָנפליקטען, פּרינציפּיעלע און אַנדערע, וואָס עס פּלעגט און מוז פּאַסירען פון צייט צו צייט אין אַזאַ געזונטער און לעבעדיגער אָרגאַניזאַציע ווי דער אַ.־ר., ווערט פון זיי אויסגענוצט ווערען צו שמוצען און בלאַמירען דעם אַ.־ר. איבעראַל, וואו עס פּלעגט זיך נאָר מאַכען עפּעס טראָבעל אין אַ בּרענטש פון אַ.־ר., אויסער האַלב מאַס. סטייט, זיינען שון באַלד די אינדעפּענדענטניקעס געווען אויפ׳ן פּלאַץ און פאַרזייט זייער גיפטיגע זריעה, פּונקט ווי ווערים פּלאָדזשען זיך נאָר דאָרטען, וואו עס איז ניט ריין גענוג . . .

ווען די יעצטיגע לעגאַליזאַציע אין מאַס. סטייט וואָלט נאָר געמיינט די נידערלאַגע פון דער הערשענדער דינאַסטיע אין דעם „אינדעפּענדענט“ (איך בין מער ווי זיכער, אַז די גרעסטע צאָל פון זייערע מיטגלידער זיינען נעבאַך פאַרנאַרטע מיט פאַלשע פּרעטענזיעס דורך הויך־קלינגענדע פראַזען), וואָלט שוין אויך ווערט געווען אונזער מיה און ענערגיע צו קריגען דעם טשאַרטער אין מאַס. סטייט. יענע פּאַסירונג אין טשעלסי האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ טיפען איינדרוק, אַז אויס אָנערקענונג צו די אמת׳ע פריינד פון אַ.־ר. אין מאַס. סטייט, צו די, וועלכע האָבען די גאַנצע צייט פון דעם קאַמף געהאָפט און געוואַרט אויף דער גליקליכער צייט, ווען זיי וועלען זיך קאָנען רופען געזעצליכע מיטגלידער פון אַ.־ר., האָב איך מיך אָנגעשלאָסען אַלס מעמבער עט לאַרדזש אָן דער לייבאָר־לינג (וואו איך בין אַ מיטגליד ביז היינטיגען טאָג), די אָרגאַניזאַציע, וועמעס מיטגלידער עס זיינען כמעט אַלע אונזערע אַמאָליגע מיטגלידער פון אַ.־ר., און וועלכע וועלען זיך יעצט צוריק אומקערען, ווי בענקענדע קינדער צו זייער צוריקגעקומענער מוטער, וועלכע איז פון זיי אָוועקגעריסען געוואָרען פאַר 10־11 יאָרען לאַנג.

איך באַגריס אַלע מיטגלידער פון אַ.־ר. מיט זייער זיג. עס איז ביי אונז מקוים געוואָרען דער פּסוק: „הזורעים בדמעה ברינה יקצורו“.

---

און דאָ חעלפט שוין ניט קיין טענות אויך ניט. ס׳איז אַ גזירת מדינת יון . . . כאָטש געה שרייו חי וקים! . . .

נאָר וואָס אמת איז אמת. אין דער גאַנצער פאַרדרייעניש און פאַרשלעפּעניש איז דער דאָזיגער גוי מיט׳ן אידישען קאָפּ אַ מכה שולדיג געווען. שולדיג אין דעם זיינען דוקא געווען עטליכע אידען מיט גויאישע קעפּ, וואָס האָבען זיך איינגערעדט, אַז ס׳איז געשמאַקער צו האָבען אַן אייגענעם קלייזעל, אַן אייגענעם מנין, אַן אייגענעם עמוד, און מ׳דאַרף דאַווענען מיט אַן אייגענעם נוסח, וואָס הייבט זיך אָן ניט פון „מה טובו“, נאָר דוקא פון „יגדל“ . . .

וועגען דער אַנטוויקלונגס־פּעריאָדע פון דער „מעשה־מאַס“, אָדער ווי אונזער „אַלטע גוואַרדיע“ רופען דאָס, „די מאַס.־אַפערע“, האָב איך עפּעס אַמאָל יאָ געוואוסט, נאָר ס׳איז שוין אַזוי לאַנג, אַז מיין זכרון האָט זיך פּשוט ענטזאָגט צו אַרבייטען „אָווערטיים“, אַפילו ווען מ׳זאָל אים צאָלען פאַר „דאָבעל־טיים“ . . .

ס׳געדענקט זיך בלויז, אַז ערגיץ ביי אַ קאָנווענשאָן האָט מען אַ זיבענער קאָמיטע ערווילט. מ׳איז געפאָרען אין באָסטאָן. מ׳איז געלאָפען אין ראָוד איילאַנד . . . מ׳איז געזעסען אין הדר . . . און מ׳איז געלעגען ניין איילען אין דער . . . מ׳האָט געשריגען: איין אַרבייטער־רינג אין אַמעריקא, און דער סוף איז געווען, אַז אויסגעוואַקסען זיינען גאַנצע דריי . . .

יאָ, די מעשה איז זעהר אַ שיינע, דערפאַר אָבער אַ ביסעל אַ טרויעריגע און זעהר, זעהר אַ לאַנגע. ס׳איז פּשוט מיט נסים, אַז מיר זיינען פון איר אַרויסגעקראָכען!

נאָר וועגען דעם ווי אַזוי מ׳איז דערפון אַרויסגעקראָכען, וועלען מיר אם ירצה השם ביי דער קאָנווענשאָן געוואָר ווערען.

די פאַרוואַלטונג וועט זיך מסתמא פּאַטשען אין בייכעל, אַז איר קומט דער גאַנצער קרעדיט, כאָטש זי האָט מער ניט ווי צוגעשריבען בלויז איין וואָרט — „ענדע“ — צום לעצטען קאַפּיטעל פון דער דאָזיגער מעשה . . . און דער סעקרעטער וועט דאָך ממילא אויך וועלען אַ חלק דערפון . . . דער אַדוואָקאַט ווידער וועט אודאי זיך באַרימען: כוחי ועצם ידי . . . און מתוך שמחה וועט מען מסתמא פאַרגעסען, אַז ס׳זיינען אַמאָל געווען מענשען, וואָס זיינען אויך ניט געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט . . .

סאיז שוין ביי אונז אַזאַ טבע, מ׳פאַרגעסט . . .

דערווייל איז פריילך, ס׳איז אַ יום־טוב, מ׳איז זיך משמח. אַ קלייניגקייט, מ׳האָט דאָך דערלעבט די גאולה . . . די שמחה איז אַזוי גרויס, אַז מ׳האָט פאַרגעסען וואו מ׳איז אין דער וועלט און אין מיטען דרינען האָט מען דעם דישעל פאַרקירעוועט — אַזש פון טאָראָנטאָ פאַרבלאָנדזשעט אין באָסטאָן . . .

ניש־קשה פון אַ מהלך! . . .

און אַלע מאָל, ווען אין אונזער וועלטעל ווערט פריילך צוליב דעם, וואָס מיר האָבען זיך מיט נאָך אַ שטיקעל אַרבייט אָפּגעספּראַוועט . . . פאַלט אויף מיר אָן עפּעס אַ מין מרה־שחורה׳דיגער געפיל, און אין מוח באַמבלען זיך עפּעס אַזוינע מאָדנע פראַגען:

שוין! און וואָס ווייטער? וואָס וועלען מיר איצטער טאָן? וואָס איז דער נעקסטער פּונקט אויף דעם טאָגעס־אָרדנונג? . . . ביסלעכווייז, ביסלעכווייז וועלען מיר דאָך בלייבען אָן אַ שטאָך מלאכה . . . ווי אַזוי וועלען אויסזעהן אונזערע קאָנווענשאָנס אָן „עקזעקוטיוו סעשאָנס“ . . . אָן ליגעל קאָמיטעס . . . אָן „לשנה הבאה בבאָסטאָן“ ווינשעוואַניעס . . . וואָס וועט נעביך ווערען פון אונזער „שוועסטער“? . . . וואָס וועט ווערען פון אירע דעלעגאַטען צו אונזערע קאָנווענשאָנס, און פון אונזערע דעלעגאַטען צו אירע קאָנווענשאָנס . וכדומה נאָך אַזעלכע פראַגען.

אָן אמתע איבערקערעניש!

און ווער איז שולדיג אין דעם, אויב ניט די דריי ווערטער:

„געזעצליך אין מאַסאַטשוזעטס“ . . .

און די פאַרפלוכטע דריי ווערטער!

# געפונען דאס פארלוירענע

פון שבתי בולגאטש

צוזאמען מיט דער איינלאדונג פון י. ב. בייליין צו שרייבען וועגען דעם פארענדיגטען קאמף אין מאסאטשוזעטס, ווערט מיר אויך אויפמערקזאם געמאכט, אז דער פלאץ איז אין „פריינד" זעהר באשרענקט. איך וועל זיך דערפאר באנוצען מיט אט דער איינלאדונג בלויז פאר א פאר ווערטער.

אונזער פרייד מיט דעם זיג אין מאסאטשוזעטס סטייט איז לויט מיין מיינונג, בלויז די פרייד פון דעם ארימאן, ווען ער געפינט צוריק דאס, וואס ער האט פארלארען. ווייל ניט אכטענדיג אויף דעם, וואס די שמחה אונזערע איז ווירקליך א גרויסע, האבען מיר אבער דאך בלויז געוואונען דאס, וואס מיר האבען געהאט און פארלארען.

שוין מיט 20 יאר צוריק האבען מיר אין מאסאטשוזעטס, פונקט ווי אין אנדערע סטייטס, גענומען פארצווייגען אונזער ארדען. אמת, ניט געזעצליך. אבער ווארום? ווייל מיר האבען צוליב פינאנציעלע, און איבערהויפט פרינציפיעלע אורזאכען, זיך ניט געקענט אונטערווארפען די געזעצען פון אינשורענס דעפארטמענט אין דעם און אין אנדערע סטייטס.

מיר האבען זיך, צום ביישפיל, אנטזאגט צו ענדערן די פרינציפען־ערקלערונג און אנדערע פונקטען פון אונזער קאנסטיטושאן, ווי אויך די צאהלונגען לויט דעם פארלאנג פון אינשורענס דעפארטמענט פון יענעם סטייט.

מיר זיינען טריי געבליבען אונזערע געזעצען פון דעמאקראטיע, וואס זיינען ניט געווען אין איינקלאנג מיט די קאנסערוואטיווע געזעצען פון מאס. סטייט. און אין קאמף פאר דעם רעכט, אז אונזערע מעמבערס זאלען דורך זייערע ערוויילטע פארוואלטען דעם ארבייטער־רינג, האבען מיר געאפערט מיט אונזער שטארקען ווילען און פארלאנג צו קריגען א טשארטער אין דעם און אנדערע סטייטס.

יעצט האבען מיר זיך געבוינען און נאכגעגעבען זייערע פאדערונגען. מיר האבען געענדערט ניט נאר אונזערע צאהלונגען, נאר אויך די קאנסטיטוציע, לויט זייער פארלאנג. מיר האבען דערפאר איצט געקראגען דעם טשארטער, וועלכען מיר האבען געקענט קריגען דאן, אונטער די זעלבע באדינגונגען. אלזא, אונזער יעצטיגע שמחה פון געווינס איז פונקט ווי דעם ארימאנס, וועלכער פרייט זיך מיט דעם, וואס ער האט זיין פארלוסט צוריק געפונען.

זאלען אבער די מעמבערס פון ארבייטער־רינג וויסען, אז איך האב עס געהאלטען פאר מיין פליכט דעם פונקט צו באריהרען, ניט דערפאר ווייל איך דענק, אז די ענדערונגען האבען ניט געטארט געמאכט ווערען (כאטש באגייסטערט בין איך פאר די געמאכטע ענדערונגען ניט) אום דעם טשארטער צו קריגען. ניין, איך טו עס נאר אום אויפמערקזאם צו מאכען די טוער פון א.־ר., אז אנשטאט צו איבערטרייבען די וויכטיגקייט פון זיגען זאלען מיר בעסער זעהן אין דער צוקונפט פארזיכטיגער צו זיין אין אונזער טעטיגקייט און זיך ניט פארנעמען מיט קיין ארבייט, וואס קאן דעם א.־ר. ניט ברענגען נוצען.

האבענדיג אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם פונקט, קאן איך אבער ניט פארגעסען אן דעם ערנסט און אפערווילליגקייט, מיט וועלכע אונזער קאמף איז געקעמפט געווארען.

אזא מין איבערגעבענהייט פון מיטגלידער צו זייער ארגאניזאציע איז זעלטען צו טרעפען, זאגאר אין די רייהען פון אונזער ארבייטער־באוועגונג.

מיט טרערען פון פרייד זעה איך נאך יעצט פאר מיינע אויגען די אלע פריינד פון יענעם סטייט, וועלכע האבען, מיט דער באגייסטערונג פון די רוסישע רעוואלוציאנערען אונטער דער הערשאפט פון צאר־באטיושקא, געליטען און געקעמפט פאר די רעכטען פון א.־ר. זיי זיינען אימער געווען גרייט אין די פינסטערע קעלערען פון געפענגניש פארברענגען זייערע יונגע יארען פאר דעם פרינציפ פון איין ארבייטער־רינג אין אמעריקא.

און אפילו די מיטגליעדער אונזערע פון יענעם סטייט, וועלכע האבען זיך צום פראנט ניט געשטופט און האבען פאר זיך קיין געפאר פון פריזאן ניט געזעהן, האבען אויך זעהר פיל געאפפערט און געליטען. זייער לאגע דארטען איז געווען די לאגע פון דעם אייביג־פארוואגעלטען אידען אין די גלות־לענדער, וועלכע חאבען אויף זיך שטענדיג געהאט דעם יאך פון אלע פליכטען ניט באקומענדיג קיינע רעכטען.

יעדער אינטריגאנט און שונא פון א.־ר. האט זיי פארפאלגט און ווי געמאן. ווייל פונקט ווי די זעלבסט־געקרוינטע הונדערט־פראצענטיגע מלחמה־פאטריאטען פון פאלמערס חדר, אזוי האבען אונזערע אפאזיציאנס־קאמעראדען פון יענעם סטייט אין זייער פארצווייפעלטען קאמף געגען א.־ר. זיך באהאלטען אונטער דער מאסקע פון ה א ו ם ר ו ל. און מיט דער מאסקע אויף זייער געזיכט האבען זיי צוזאמען מיט דעטעקטיווס פון אינשורענס דעפארטמענט דעם ארבייטער־רינג געזוכט צו פארניכטען און זיינע מיטגלידער פון יענעם סטייט אין פריזאן צו ווארפען. אונזערע פריינד' אבער האבען זיך כאר קיין זאך ניט אפגעשראקען, זייער טעטיגקייט אויף איין מינוט ניט אפגעשטעלט, און דער קאמף פאר איין ארבייטער־רינג אימער און אן אויפהער פארטגעזעצט.

אט זעה איך פאר מיינע אויגען דעם גרויסען פעניועל האל אין באסטאן געפאקט מיט איבער צוויי טויזענד פריינד פון ארבייטער־רינג, וועלכע איך האב געהאט די עהרע צו אדרעסירען, און צו דער זעלבער צייט איז באסטאן געווען פארפלייצט מיט א פראקלאמאציע צו ארעסטירען מיך אלס פרעזידענט און וויינטרויב'ן אלס דעם סעקרעטער פון ארבייטער־רינג אין יענער צייט.

אט זעה איך פאר מיינע אויגען א געפאקטען האל אין ספרינגפילד, מיט ארבייטער, וועלכע זיינען געקומען זיך צוצוהערען צו א דעבאטע, וואס איז ארראנזשירט געווארען צווישען ינדל, סעקרעטער פון אינדעפענדענט ארבייטער־רינג, און מיר. די דעבאטע האט געדויערט פון 10 אין דער פריה ביז 9 אין אווענט מיט איין שטונדע אונטערברעכונג פאר דינער. אלע זיינען געווען פאראינטערעסירט צו וויסען, פארוואס עס מוז בלויז זיין איין ארבייטער־רינג אין אמעריקא. די זעלבע פראגע איז אויף שטורעמדיגע מיטינגען און קאנפערענצען אויך דעבאטירט געווארען אין ניו־יארק. ספעציעל האט בר. 24, אין אלגעמיין א זעהר לאיאלער ברענטש פון א.־ר., זיך זעהר פיל אויסגעצייכענט מיט זיין טעטיגקייט נעגען דער מיינונג, אז אין אמעריקא מוז בלויז עקזיסטירען איין ארבייטער־רינג.

א, ווי עס בענקט זיך נאך יענע לעבעדיגע צייטען אין ארבייטער־רינג, ווען די אטמאספערע איז געווען פול מיט לעבען, פול מיט ערנסט און איבערגעבענהייט, ליבע און טרייהייט צו די אינטערעסען פון אונזער מעכטיגען ארדען.

---

אין דער יעצטיגער צייט דארף מען געדענקען מער ווי ווען עס איז, אז עס איז וויכטיגער איינצוהאלטען איין אלטען מיטגליד איידער צו דערווערבען זיך צוויי נייע.

* * *

אויב איר סטרייקט יעצט, אדער איר ארבעט אזוי נישט, טוט כאטש אפ א נוציג שטיקעל ארבעט און זעהט קריגען אייערע בירגערפאפירען.

דאס לאנד געהערט צו אייך, אבער איר דארפט עס פריער דורך קאמף ערווערבער. דאס „קינדערלאנד" געהערט צו אייערע קינדער, אבער איר דארפט עס פריער פאר זיי אויסשרייבען.

* * *

ווילסאן איז ארעם, הארדינג איז ארויף, — אבער וואל סטריט זיצט נאך אלץ אויפ'ן זעלביגען שטול.

* * *

# די באַלאַגערונג פון שונא

פון ס. וואָלאָס

עס וועלען זיין נעגנס פון די אַלטע טוער אין ארבייטער־רינג, וועלכע וועלען דערציילען אַלע איינצעלהייטען פון דעם קאַמף אין דער אַזוי־גערופענער „מאַסאַטשוזעטס־אפּערע״, וואָס האָט זיך געצווינגען ארום 15 יאָר צייט און האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיג ערשט לעצטען מאָנאַט. איך, פערזענליך, וועל בלויז דערציילען וועגען עטליכע פון די פּאַסירונגען, וואָס איך האָב מיטגעמאַכט אין דער „קרינגס־צייט״.

פּראָווידענס, ראָוד איילאַנד, וואָס איז אַ שטונדע רייזע פון באָסטאָן, איז אָפט געווען דער באַראַטונגס־פּלאַץ פון גענעראַל־שטאַב, וואו פּלענער זיינען געשאַפען געוואָרען, ווי אַזוי אָנצופירען דעם קאַמף פאַר לעגאַליזירען דעם אַ.־ר. אין מאַסאַטשוזעטס סטיים.

איינמאָל, אַ ווינטער־טאָג, בין איך אָנגעקומען אין פּראָווידענס. פון סטיישאַן בין איך גלייך פאַרפאָרען צו אַ פריינד פון אַ.־ר. מיט'ן נאָמען ב., ביי וועמען אין הויז מען האָט שטודירט די לאַנדקאַרטע פון מאַסאַטשוזעטס, ווי להבדיל אין מלחמה־צייט. מען האָט באַטראַכט און באַשפּראָכען יעדע שטאָט און שטעטעלע און אויסגעהערט באַריכטען פון די „קוריערען״, וואָס פלעגען באַזוכען די ערטער, און דערציילען ווי די לאַגע האַלט. איבערהויפּט איז מען געווען פאַראינטערעסירט צו וויסען, וואָס טוט דער שונא, דער „אינדעפּענדענט״, וואָס האָט ניט גערוהט און האָט געשיקט פאַראָרענונגען פון זיינע העדקוואַרטערס אין באָסטאָן צו זיינע מענשען, אַז זיי זאָלען זעהן שאַפען אַ שטימונג נעגען אונז און זעהן שטערען אונזערע אַגיטאַטאָרס אין זייער אויפקלערונגס־ארבייט פאַר איין ארבייטער־רינג אין אמעריקע. דאָס איינענטליך איז געווען דער שלאָגוואָרט פאַר די גאַנצע 15 יאָר פון קאַמף.

מיט פריינד ב. האָב איך זיך דורכגערעדט וועגען די לעצטע פּאַסירונגען. באַלד האָבען מיר אויך געטראָפען אונזערן אַ „גענעראַל״, וועלכער האָט שוין אריינגעדרונגען אין סאַמע סטייט, אָבער איז צוריקגעשטויסען געוואָרען מיט שווערע פארלוסטען ביז אַריבער'ן גרעניץ. ער איז געקומען אין פּראָווידענס נאָך אויסקונפטען און ווייטערע אָרדערס. ער איז געווען מיד און צעבראָכען פון אַ דריי־וואָכענדיגער אַטאַקע. די גאַנצע צייט איז ער געלעגען מיט די געטרייע סאָלדאַטען אין די טרענטשעס און זיך אַרויסגעכאַפּט פון צייט צו צייט מיט אַ פייערדיגער רעדע נעגען דעם „אינדעפּענדענט״ און פאַר „איין ארבייטער־רינג אין אמעריקא״.

מיר האָבען, געוויינליך, ווי געהעריג סאַלוטירט דעם חבר פון „גענעראַל־שטאַב״ און אַלע דריי האָבען מיר געוואַרט אויף נאָך צוויי מיטגלידער פון שטאַב, מיט'ן ליגעל אַדוויזער בראש, אויף אַ באַראַטונג. אַ קאַלטער וועטער איז געווען. זיינען מיר דערווייל געזעסען אין הויז, ביי אַ הערינג מיט אַביסעל משקה, און האָבען געטרוימט פון דער צייט, ווען מיר וועלען זיצען צוזאַמען אין דער הויפּט־שטאָט באָסטאָן און די פאָן, אויף וועלכער עס וועט זיין דער אויפשריפט „איין ארבייטער־רינג אין אמעריקע״, וועט פלאַטערן איבער אונז.

די באַראַטונג האָט זיך אָנגעפאַנגען ערשט צו האַלבע נאַכט. אין אַ שפּראָץ אויף טאָג זיינען מיר געווען ווידער גרייט צו נעהן אין שלאַכט . . .

## ביים שונא אין לאַגער

איינמאָל שבת נאָך האַלבען טאָג האָט די טריין, וואָס לויפט פון באָסטאָן, אויך אויפגענומען אונזערע „געהיים־אַגענטען״ — די לאָיאַלע מיטגלידער פון ארבייטער־רינג, ווער מיט אַ טעפּעלע אין האַנט פון דעם נאָר־וואָס פאַרענדיגטען דינער, און ווער מיט אינפאָרמאַציאָנס־בריף אין די קעשענעס, וואָס זיי האָבען דורך דער וואָך געקראָגען פון אונזערע לאָיאַלע. דאָס איז מען געפאָרען צו דער גרויסער קרינגס־באַראַטונג אין שטאָט. ערגעץ אין לעווערעט סטרים, אויב מיין זכרון דינט מיר, האָבען זיך דאָס פאַרזאַמעלט די קרינגס־העלדען. חילצערנע, צעדרייטע טרעפּ האָבען געפירט צו אַ שוואַך־באַלויכטענעם צימער. דאָרטען האָבען די פירער איבערגעגעבען ווי די זאַך שטעהט. ביי דער דאָזיגער פאַרזאַמלונג האָב איך ערשט געזאָגט זעהן, וואָס עס מיינט ליב האָבען אַן אָרגאַניזאַציע און ווי מענשען קאָנען ליב האָבען זייער אָרגאַניזאַציע און זיינען גרייט צו אָפּפערען זיך פאַר אַ גערעכטער זאַך. אָט דער מיטינג האָט מיר דערמאָנט אָן אונזערע געהיימע „סאָבראַניעס״ (פאַרזאַמלונגען) אין אונזער אַלטער חיים רוסלאַנד. געשטערט פון דער פּאָליציי, באַוואַכט מיט שפּיאָנען פון שונא, פאַרטיג צו זיצען אין דזשייל, דאָס אַלץ האָט ניט אָפּגעשראָקען אונזערע געטרייע מעמבערס פון ארבייטער־רינג אָנצופירען זייער קאַמף פאַר אַן איינהייטליכער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל אומגעשטערט אין אַלע טיילען פון לאַנד קאָנען אָנפירען די ארבייט פון אויפקלערונג און איינוואָרצלען די ליבע צו פרייהייט סיי ביי די עלטערע מיטגלידער, סיי ביי דעם נאָך גאָר יונגען דור.

שטונדען לאַנג האָט מען גערעדט, אויסגעהערט באַריכטען פון יעטווידער שטעטעלע, געלויבט אונזערע איבערגעבענע טוער און ביטער אַטאַקירט אונזערע געגנער, און ווען דער מיטינג איז געווען צו ענד, איז מען זיך צעגאַנגען נאָך מיט מער מוט אָנצופירען דעם קאַמף און מיט'ן פעסטען באַשלוס זיך ניט אָפּצושרעקען פאַר קיין זאַך ביז מיר וועלען זיגען, ביז די ארבייט וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג. מיט האַנט־דרוקען און קושען האָט מען זיך געזעגענט, און ביי פילע האָט אין אויג אַ טרער געציטערט . . .

## אַ פאַרזאַמלונג אין טשעלסי, מאַסס.

דאָס איז געווען אין דעם פּעריאָד, ווען די לייבאָר־ליג האָט זיך געהאַלטען אין גרינדען.

אין אַ קליינעם האָל האָבען זיך פאַרזאַמעלט עטליכע הונדערט מעמבערס פון אַ.־ר. מיט'ן צוועק צו באַראַטען זיך: וואָס ווייטער צו טאָן? מחמת עס זיינען דאַן געמאַכט געוואָרען עטליכע אַרעסטען אויף מיטגלידער. דורך דעם דעפּאַרטמענט אָף אינשורענס, פאַר טאָן ביזנעס אין מאַסס. סטייט אונגעזעצליך. אַלע אַ.־ר. מיטגלידער זיינען געווען ערביטערט, דענקענדיג, אַז דאָס איז די שולד פון אונזערע געגנער. דער צאָרן איז געווען גרויס, און איך האָב געפילט, אַז מען מוז רעדען און ווירקען, אַז קיין זאַך זאָל אַזוינס ניט געשעהען, וואָס עס דאַרף ניט געשעהען.

מיט אַמאָל, נאָך עטליכע מינוטען רעדען, זיינען אריין צוויי געזעץ־אָפּהיטער, וואָס האָבען זיך געפונען הינטער'ן טיר, און האָבען מיך ערקלערט אַרעסטירט פאַר'ן טאָן ביזנעס אונגעזעצליך. די זאַך האָט זיך געענדיגט מיט אַן ערקלערונג, אַז זיי האָבען נעווים פאַרהערט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, ווייל זיי זיינען דאָך גאָר אין דרויסען געווען. אָבער קיין גרויס אומגליק וואָלט ניט געווען ווען איך וואָלט יאָ אַביסעל געזעסען אין אַ באָסטאָנער דזשייל, ווייל פון אמעריקאַנער „גערעכטיגקייט״ האָב איך נאָך ניט פאַרזוכט . . .

* * *

צום שלום וויל איך זאָגען, אַז די אַלע קריוודעס און ליידען פון די פילע הונדערטע איבערגעבענע מיטגלידער פון ארבייטער־רינג ווערען יעצט פאַרגיטינט, וויסענדיג, אַז די קומענדע קאָנווענשאָן וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין באָסטאָן, און די פאָן פון אַ.־ר. וועט פלאַטערן אין דעם סטייט, וואו מיר האָבען אַזוי פיל געליטען. לאָמיר זיך גראַטולירען, סיי די אַלטע טוער, סיי די וועלכע זיינען יעצט ביים רודער פון דער אָרגאַניזאַציע. אונזער וואונש איז ערפילט געוואָרען.

# פּערספּעקטיוון

פון יעקב לעווין

דער אַרבייטער־רינג האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין בלויז אַ פאַרזיכערונגס־אָרדען אויפ'ן פאַל פון טויט אָדער אַ קראַנקהייט. ער איז אין פילע הינזיכטען שוין געוואָרען די קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע אויף דער אידישער אַרבייטער־גאַס, די אינסטיטוציע, וואָס העלפט אַרויס אירע מיטגלידער — די אידישע אַרבייטער — אין די אַלע פאַלען, וואו זיי נייטיגען זיך אין געזעשאַפטליכער הילף, און דער שטאַט באַזאָרגט זיי דערמיט ניט.

יעדער מענש האָט באַדערפעניסען, וואָס ער אַליין מיט זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען קאָן היינט צו טאָג ניט באַפרידיגען: אַזוי למשל קאָן אַן איינצעלנער מענש אין ניו־יאָרק זיך אַליין ניט פאַרשאַפען קיין גאַז וואַסער אָדער עלעקטריק אָדער גאַז, אָדער גוטע פאַרקערס־מיטלען. די שטאַט אַלס גאַנצע האָט דאָס געמוזט טאָן. פונקט אַזוי קאָן קיין איינצעלנע פּערזאָן זיך ניט באַזאָרגען מיט רעגולערען פּאָסט־פאַרקער; דאָס האָט געמוזט טאָן די פעדעראַלע רעגירונג. און וואָס אַנטוויקעלטער עס איז די מענשליכע געזעלשאַפט, אַלץ מער וויכטיגע און קאָמפּליצירטע באַדערפעניסען האָט דער מענש, וואָס ער אַליין קאָן ניט באַפרידיגען און מוז צוליב זייער באַפרידיגונג אָנקומען צו אַ געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע. די אָרגאַניזאַציע קאָן זיין אָדער אַן אַלגעמיינע, וואוהין יעדער מענש, וואָס וואוינט אין אַ באַשטימטען לאַנד, געהערט על־פּי צוואַנג (די שטאַט און איר רעגירונג, דער שטאַט, די פעדעראַלע רעגירונג), אָדער אַ פּריוואַטע, וועלכע נעמט אַרום בלויז די פּערזאָנען, וואָס געפינען פאַר נייטיג פרייוויליג צו פאַראייניגען זיך, כדי געמיינשאַפטליך צו באַפרידיגען די באַדערפעניסען, וואָס קיינע פון די צוואַנגס־אָרגאַניזאַציעס באַפרידיגט איינגאַנצען ניט אָדער באַפרידיגט ניט ווי געהעריג.

די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע האָבען אַ גאַנצע רייע אַזעלכע באַדערפעניסען, וואָס די רעגירונג — די שטאַטישע, שטאַטליכע אָדער פעדעראַלע — באַפרידיגט ניט אָדער באַפרידיגט שלעכט. פון אַט די באַדערפעניסען באַפרידיגען אַ טייל — די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די יוניאָנס. אָבער עס בלייבט דאָך אַ גרויסע צאָל באַדערפעניסען, וואָס באַפרידיגען זיי קאָן אַמבעסטען אָדער אַפילו בלויז די אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע אויף דער אידישער אַרבייטער־גאַס — דער אַרבייטער־רינג.

צו די ראָזינע באַדערפעניסען געהערען: 1) פאַרזיכערונג — אין אַלע אירע פאָרמען; 2) קאָאָפּעראַציע — קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, בעקערייען, לייז־ און שפּאָר־קאַסעס און פּראָדוקטיווע גענאָסענשאַפטען, און 3) בילדונג פאַר דערוואַקסענע און ערציהונג פאַר קינדער. קיינע פון די ראָזינע זאַכען קאָנען ניט געטאָן ווערען פון יעדען איינעם פּריוואַט, זיי מוזען געטאָן ווערען פון אַלעמען, דורך זייער געמיינשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע, אין דעם פאַל — פון דעם אַרבייטער־רינג אַלס גאַנצען.

אויף יעדען פון די דערמאָנטע דריי געביטען איז דער אַרבייטער־רינג טעטיג און האָט געוויסע, אָפטמאָל גרויסע, פאַרדינסטען. אָבער עס בלייבט דאָך פאַר אים אויף אַ פּאָר פון די געביטען נאָך גאָר אַ היבש ביסעל אויפצוטאָן. ער איז אויסגעוואַקסען גרויס, און דאָס פאַרפליכטעט! די אידישע אַרבייטער טרעטען אין אים אַריין מאַסענווייז, פילענדיג פיליכט אינסטינקטיוו, אַז דאָ איז דער פּלאַץ, וואו זייערע באַדערפעניסען קענען און וועלען אַמבעסטען באַפרידיגט ווערען אויף אַלע געביטען. און דער אָרדען טאָר ניט אָפּנאַרען זייערע ערוואַרטונגען! פאַרקערט, ער דאַרף פילען זיין אחריות, זיין פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די ברייטע אידישע אַרבייטער־מאַסען און אויפטאָן נאָך מער, ווי מען ערוואַרטעט פון אים. ער קאָן דאָס טאָן, ער איז דער איינציגער, וואָס קאָן דאָס טאָן און טאָן דאָס גוט; און ער דאַרף דאָס דעריבער טאָן.

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלען נאָר אויף איין געביט פון זיין טעטיגקייט, אויף דער בילדונגס און ערציהונגס אַרבייט, און וויל אין אַלגעמיינע שטריכען אָנמערקען די וויכטיגסטע ליניעס פון אָט דער טעטיגקייט זיינער, כדי דערמיט פּיליכט קלערער מאַכען פאַר די נעקסטע בילדונגס־קאָמיטעטען פון אַרבייטער־רינג און פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט זיינער, וואָס עס וואָלט געדאַרפט און געקענט אויפגעטאָן ווערען.

## א. אויפ'ן געביט פון בילדונג

די בילדונגס־באַדערפעניסען פון דעם אידישען אַרבייטער זיינען פילזייטיג. ער נייטיגט זיך אין אַ סביבה, וואו ער זאָל קאָנען פאַרברענגען מיט זיינע פריינד עטליכע אָנגענעמע שטונדען אין געמיטליכע שמועסען, אין שאַך־שפּילען א. ד. ג. ער נייטיגט זיך אין אַן אָנגענעמען אָפּרוה, אַן אָפּרוה, וואו ער זאָל אויך האָבען פאַרגעניגען, הערענדיג מוזיק, אַ גוטע פאָרלעזונג אָדער זעהענדיג אַ פאָרשטעלונג. ער נייטיגט זיך אין לעקציעס, וועלכע קאָנען אים געבען אַן ענטפער אויף די פראַגען, וועלכע אינטערעסירען אים, באַפרידיגען זיין נייגעריגקייט און זיין באַגער צו וויסען. ער נייטיגט זיך אין אַ זשורנאַל, וואָס זאָל אים באַלויכטען די אַלע לויפענדע פראַגען און צושטעלען אים אָנגענעמען און לייכטען לעז־מאַטעריאַל. ער נייטיגט זיך אין ביכער, פון וועלכע ער קאָן שעפּען מער וויסען אָדער אויף וועלכע ער קאָן זיך אָפּרוהען גייסטיג, אַריבערטראָגענדיג זיך אין דער וועלט פון די העלדען, וועגען וועלכע ער לייענט.

דער אַרבייטער־רינג אַלס גאַנצער דאַרף העלפען זיינע מיטגלידער די אַלע באַדערפעניסען אויף וואָס אַ בעסערען אופן צו באַפרידיגען. 1) דער נאַצ. בילדונגס־קאָמיטעט דאַרף אויפפאָדערען די שטאָטישע בילדונגס־קאָמיטעטען אָדער די בראַנטשעס צו אָרגאַניזירען קלוב־צענטרען מיט קלוב־צימערן, וואו די מיטגלידער זאָלען זיך קאָנען צונויפקומען און פאַרברענגען די צייט פיל אָנגענעמער און אָנשטענדיגער ווי אין קאָרטענשפּיל.

2) אַזאַ צענטר ווי ניו־יאָרק האָט אַ רייע וואָקאַליש־מוזיקאַלישע אינסטיטוציעס פון אַרבייטער־רינג, וועלכע קאָנען אין אַ גרויסער מאָס באַפרידיגען די באַדערפעניש פון די א. ר. מיטגלידער אין לייכטער מוזיק, אין פאָרלעזונגען און פאָרשטעלונגען. איך מיין דעם א.־ר. כאָר, די צוויי אָרקעסטרען און די פרייע אידישע פאָלקס־בינע. אַזעלכע א.־ר. צענטרען, ווי שיקאַגאָ און פילאַדעלפיע און אַפילו באַלטימאָר, טאָראָנטאָ א. ד. ג., קאָנען ביי זיך האָבען אַזעלכע אינסטיטוציעס. דער בילדונגס־קאָמיטעט דאַרף זיי אויפמוטיגען צו גרינדען אַזעלכע אינסטיטוציעס. און כדי אַרויסצוהעלפען די קלענערע שטעט, וואָלט דער בילדונגס־קאָמיטעט געדאַרפט צונויפשטעלען איינע אָדער מער גוטע מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אָדער אַפילו מוזיקאַליש־וואָקאַליש־דראַמאַטישע גרופּען, וועלכע זאָלען מאַכען אַ טור איבער'ן לאַנד און זאָלען זיין איין מאָל אָדער מערערע מאָל אַ יאָר אין יעדען א.־ר. פּלאַץ. די הוצאות דערפון וואָלטען, דענק איך, מיט פאַרגעניגען געדעקט די בראַנטשעס אויף די פּלעצער. דער נאַצ. בילדונגס־קאָמיטעט וואָלט אויף זיך נאָר געדאַרפט נעמען די איניציאַטיוו דערפון. און טאָמער וועט אויסקומען צוצולייגען דערצו אַ געוויסע סומע פונ'ם בילדונגס־פאָנד, איז דאָס ווערט.

3) דער בילדונגס־קאָמיטעט אָרדענט יעדעס יאָר געוויינטליך איין אַ לעקציעס־טור איבער'ן לאַנד. ער וואָלט אָבער אויף ווייטער אַ ביסעל געדאַרפט באַנייען די טעמעס. דער עולם האָט אָיפגעהערט צו קומען צו די לעקציעס. די מערסטע לעקציעס, סיי אין די גרעסערע צענטרען, סיי אין די קלענערע, זיינען זעהר ווייניג באַזוכט. אין דעם איז אין אַ געוויסער מאָס

שולדיג דאס, וואס די מיטגלידער האבען שוין דערעסען די אויסגעדראשענע טעמעס בלויז איבער סאציאלע פראגען און ליטעראטור. דער בילדונגס־קאמיטעט וואלט געדארפט אויסגעפינען, וואס אייגענטליך, וועלכע פראגען אינטערעסירען מער די ברייטע מיטגלידערשאפט פון א.־ר. ער וואלט באדארפט דורכפירען וועגען דעם אן אנקעטע ביי די ברענטשעס אדער אפילו ביי די מיטגלידער אליין. מען וואלט צוליב דעם צוועק געקאנט באנוצען זיך מיט'ן „פריינד", אפדרוקענדיג דארט אן אפריים־בויגען מיט א גרויסע ריי פארשידענארטיגסטע טעמען און בעטענדיג די מיטגלידער אפצוצייכענען די, וואס אינטערעסירען זיי אממערסטען, און צוצושיקען דעם פראגע־בויגען אין אפיס. די אנקעטע, ווען באארבייט, וואלט פיל ארויסגעהאלפען דעם בילד. קאמיטעט ביים איינלאדען לעקטארס און באזונדערס ביים ארגאניזירען טורען.

דער נאצ. בילדונגס־קאמיטעט וואלט אויך געדארפט אויפפאדערען די ארטיגע בילד. קאמיטעטען צו ארגאניזירען פארשידענע קלאסען, וואו די מיטגלידער, וואס ווילען, זאלען זיך טאקע סענען עפעס אויסלערנען. ס'פארשטעהט זי, אז פיל וועט דא אפהענגען אן דעם, צי עס וועלען זיין אויף די ערטער פאסיגע לערער פאר אזעלכע קלאסען. דער בילד. קאמיטעט וואלט אזעלכע קלאסען אויך געדארפט שטיצען, ווייל פון די קלאסען וועלען געניסען די אנטוויקעלטערע און פעהיגערע מיטגלידער פון א.־ר. אין אזעלכע צענטרען ווי ניו־יארק און שיקאגא וואלט מען געקענט און געדארפט גרינדען א ר ב י י ט ע ר־א ו נ י וו ע ר ס י ט ע ט ע ן פון ארבייטער־רינג מיט פארשידענע קורסען, וואס קאנען נאר פאראינטערעסירען א באדייטענדע גרופע אידישע ארבייטער.

4) ז ש ו ר נ א ל. דער איצטיגער „פריינד", ווען מען פארגלייכט אים מיט דעם, וואס ער איז געווען מיט עטליכע יאר צוריק, איז ער ממש אן אידעאלע צייטשריפט. אבער גענומען אן און פאר זיך איז ער נאך איצט אויך נאר ווייט פון אן אידעאל, גאנץ ווייט פון דעם, וואס די א.־ר. מיטגלידער וואלטען באדארפט האבען. אין געוויסע חינזיכטען טוט אפילו איצט דער „פריינד" אויף, לויט מיין מיינונג, דעם היפוך דערפון, וואס זיין רעדאקטאר האט זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו דערגרייכען. דורך די קורציגקע ברעקלעך, מעשה'לעך, דערציילונגען און ארטיקעלעך גשוויינט מען, לויט מיין מיינונג, מער אפ די מיטגלידער פון א.־ר. פון לעזען זאכען, וואס עס איז אין דער אמת'ען ווינשענסווערט צו לעזען, איידער מען געוויינט זיי צו דערצו. ביי די מיטגלידער פון א.־ר., וואס לעזען דעם „פריינד", און נאר דעם „פריינד", מוז זיך שאפען די פאלשעסטע פארשטעלונג וועגען דעם, וואס עס מיינט אמת'ע, גוטע ליטעראטור. אין „פריינד", ווי ער איז איצט, קאן א גרעסערע און באדייטענדערע שטיק ליטעראטור קיין פלאץ ניט האבען. דער געשמאק פון די לעזער פון ארב. רינג ווערט אויף אזא אופן דורכ'ן „פריינד" ניט פארפיינערט, נאר פארסערט — עס שאפט זיך ביי זיי נים קיין ריכטיגע פארשטעלונג וועגען ליטעראטור. וואס די מיטגלידער פון ארב. רינג וואלטען געדארפט האבען, איז וויינינגסטענס אזא זשורנאל, וואו אלע וויכטיגסטע באוועגונגס־פראגען און געשעהענישען פון דער צייט זאלען קאנען אינטעליגענט, און דאך גרינדליך, צוגענגליך פארהאנדעלט ווערען, און די בעסטע שאפונגען פון דער אידישער ליטעראטור זאלען קאנען געפינען א פלאץ. א טייל פונ'ם זשורנאל דארף אפגעגעבען ווערען פאר ריין ארגאניזאציאנעלע א.־ר. פראגען, אבער עס דארף בלייבען וויינינגסטענס צוויי אדער דריי מאל אזוי פיל פלאץ, וויפיל איצט, פאר ערנסטער ליטעראטור און ארטיקלען. אזא זשורנאל וועט דארפען די מיטגלידער קאסטען א ביסעל מער געלט; דערפאר אבער וועלען זיי דערפון האבען א שיינע און נוצליכע זאך. א גוטער א. ר. זשורנאל — דאס דארף ווערען דער לאזונג. און איז ניט מעגליך צו האבען אזא זשורנאל, דאן, דענק איך, איז ווינשענסווערטער צו פארוואנדלען דעם „פריינד" אין א ב ו ל ע ט י ן, וואס זאל אויסער די ריין ארגאניזאציאנעלע געשעפטען און נייעס האבען ארטיקלען בלויז וועגען זאכען, וואס אינטערעסירען די מיטגלידער אוממיטעלבאר אלס מיטגלידער פון א.־ר., ווי די קאאפעראציע, די שול א. ד. ג. אבער ניט קיין ליטעראטור אדער ארטיקלען וועגען אלגעמיינע פראגען, וועלכע קענען אין „פריינד" ווי געהעריג (לויט דעם פלאץ, וואס איז פאר דעם פאראן) ניט פארהאנדעלט ווערען. אין דעם פאל וועלען כאטש די אוממיטעלבארע א. ר. פראגען קאנען פיל ברייטער און בעסער פארהאנדעלט ווערען.

5) ב י כ ע ר. דער א.־ר. האט שוין לאנג פארשטאנען, אז ער קען פיל אויפטאן אויפ'ן געביט פון שאפען נייטיגע ביכער פאר זיינע מיטגלידער. ער האט דאס ברייטסטע פעלד צו פארשפרייטען ביכער און קאן דעריבער אם לייכטסטען זיי ארויסגעבען. ביז איצט אבער האט דער נאצ. בילדונגס־קאמיטעט ניט געהאט קיין סיסטעם ביים ארויסגעבען ביכער. ער פלעגט ארויסגעבען אדער דאס, וואס די מיטגלידער פון בילדונגס־קאמיטעט גופא פלעגען קענען צוגרייטען, אדער וואס מען פלעגט קענען קריגען ביי נאר נאהענטע מענשען צום א.־ר., אדער וואס עס פלעגט צופעליג אריינפאלען אין זיינע הענט. און שוין דער געביט אליין, אויף וועלכען די ביכער האבען געדארפט זיין, איז געווען באגרעניצט — פאפולער־וויסענשאפטליכע ביכלעך אדער ריכטיגער לערער־ביכלעך. דאס איז אבער נים די איינציגע זאך, מיט וועלכע די מיטגלידער פון א.־ר. אינטערעסירען זיך. דער לעצטער נאצ. בילדונגס־קאמיטעט האט זיך פארטראכט אויף דער פראגע און איינמאל זאגאר פאררופען א ברייטערע בעראטונג וועגען דעם. אבער קיין סיסטעם איז דאך ביז איצט ניט איינגעשטעלט געווארען און קיין פראגראם ניט אויסגעארבייט.

דער נאצ. בילדונגס־קאמיטע פון א.־ר. וואלט, לויט מיין מיינונג, באדארפט נעמען אויף זיך אויפ'ן געביט פון ביכער א צווייענדיגע ראל: ערשטענס — די ראל פון א פ א ר מ י ט ל ע ר: צו רעקאמענדירען די מיטגלידער, וועלכע ביכער צו לייענען; אויסארבייטען א גענויען קאטאלאג פון די ביכער און זעהן קריגען פאר די מיטגלידער פון א.־ר. די ביכער פאר ביליגערע פרייזען, אריינגעהענדיג אין געוויסע אפמאכען מיט די פארלעגער. צווייטענס — די ראל פון א פארלעגער, אבער אויף א סך א גרעסערן מאסשטאב. ער דארף אויסארבייטען א ברייטערע פראגראם פון וויסענשאפטליכער און שיינער ליטעראטור (אריגינעלער און באזונדערס איבערזעצטער), איינארדנען אן אבאנימענט־זאמלונג צווישען די מיטגלידער און ארויסגעבען וויינינגסטענס צו איין בוך יעדע צוויי מאנאטען און מיט דער צייט נאך פיל אפטער. דאס קאן ארגאניזירט ווערען און די מיטגלידער פון א.־ר. וואלטען אויף דעם אופן פאר גאנץ ביליג געקאנט קריגען די בעסטע זאכען פון דער אידישער און אלגעמיינער ליטעראטור — שיינער און וויסענשאפטליכער. איך האלט זיך דא אפ פון אנמערקען וועלכע עס איז פראגראם פאר אזא ברייטערער ארויסגעבערישער ארבייט; דאס דארף געטאן ווערען ניט פון איין מענשען, נאר פון א גאנצער קאמיסיע.

קורץ, דער ארבייטער־רינג קאן ווערען דער הויפט־פאקטאר פון בילדונגס־פארשפרייטען צווישען די אידישע ארבייטער־מאסען אין אמעריקע, און ער דארף דאס דעריבער ווערען. ער איז בארופען דערצו לויט דעם גאנצען קאאפעראטיווען כאראקטער פון זיין ארגאניזאציע, און ער דארף זיין בארוף פארקערפערן אין פאקטען, אלזייטיג פארברייטערן די פראגראם פון זיין בילדונגס־טעטיגקייט און נעמען זיך פאר דער ארבייט נאך ערנסטער ווי ביז איצט. דאס דארף זיין די אויפגאבע פון דעם נעקסטען בילדונגס־קאמיטעט פון ארבייטער־רינג.

וועגען דער צווייטער זייט פון דער ארבייט פון דעם בילדונגס־קאמיטעט — ערציהונג פאר די קינדער פון א.־ר. מיטגלידער — נעקסטען מאנאט.

---

פורים דערמאנט אונז נאכאמאל, אז פאר פארדען זיינען נאך געוועזען גרעסערע המנ'ס און זיי זיינען אויך צעריבען געווארען ווי מאן . . .

בדינגדעל איז פאר'משפט, אבער ברינגדעליזם וועט נאך בליהען און געדייהען אזוי לאנג ווי קאפיטאליזם וועט בליהען מיט זיין קראפיווע.

* * *

# דריטער צוזאמענפאר פון די נאצ. דירעקטארען פון א.ה.

דער דריטער צוזאמענפאר פון דער נאציאנאלער באארד אף דירעקטארס ווערט ערעפענט דאנערשטאג, 10 א זייגער פאר־מיטאג, פון פריינד ל. ארקין, סעק. נ. ב. ד.

פריינד ל. בעצאהלער, ניו־יארק, ווערט ערוויילט אלס טשערמאן.

עס זיינען אנוועזענד פאלגענדע דירעקטארען: ל. ארקין, פענ־סילווייניא; ל. בעצאהלער, ניו־יארק; ל. בענענסאן, אילינאיז; ב. דאקסער, מישיגען; ש. דייוויס, ווירדזשיניא; י. וויניצקי, אהייא; ס. לין, קוויבעק; ת. לין, ניו־דזשוירזי; א. פערלאוויטש, מערי־לאנד; א. רובין, וויסקאנסין; ס. רייז, קאנעקטיקוט; א ריבאי, אנטאריא; ד. שייער, מינעסאטא; ס. שולמאן, מעין; ת. שערמאן, ראוד איילענד.

אפוועזענד: ליפשיטץ, טעקסעס.

דער סעקרעטער, ל. ארקין, גיט דאן אפ פאלגענדען רעפארט:

צו די נאציאנאלע באארד אף דירעקטארען.

ווערטע פריינדע:

צום דריטען מאל קומט איר זיך יעצט צוזאמען. צום דריטען מאל געהט איר יעצט דורכפירען די שליחות, וואס די מעמבערס האבען אויף אייך ארויפגעלייגט — צו זיין די העכסטע אינסטאנץ אין איינער פון די גרעסטע ארבייטער־ארגאניזאציעס אין לאנד. איר זייט די לעצטע צו זאגען אייער ווארט וועגען געוויסע פראגען, וואס קומען פאר אין אונזער ארגאניזאציע.

קאנענדיג אייך שוין פון די פריהערדיגע זיצונגען, און וויסענ־דיג ווי ערנסט און איבערגעבען איר פארהאנדעלט אלע פראגען, בין איך מער ווי זיכער, אז אויך ביי דעם איצטיגען דריטען צוזאמענפאר וועט איר אלע אייערע פארהאנדלונגען פירען אין דעם זעלבען גייסט, וואס וועט ברענגען כבוד ניט נאר פאר אייך אליין, נאר פאר דער גאנצער מעמבערשיפ, וועלכע האבען אייך צו דעם אמט ערוויילט.

סעקרעטערס ארבייט:

ערעפענענדיג דעם צוזאמענפאר, וויל איך אייך, אלס אייער סעק־רעטער, איבערגעבען בקיצור פון מיין ארבייט פאר די לעצטע זעקס מאנאטען.

איך דענק, אז עס איז איבריג פאר מיר אייך אנצומערקען, אז די בריף, אפילס און אנפראגען, וואס זיינען צו מיר אנגעקומען, זיינען געענטפערט געווארען פינקטליך און אין צייט. פון די אלע בריעף, וואס איר האט מיר אינסטרואירט צו שרייבען, איז איין בריף גע־בליבען, וואס איז ניט געשריבען געווארען, ווייל איך האב געדענקט איבערצואווארטען מיט דעם בריף ביז נאך דעם יעצטיגען צוזאמענפאר. דער בריף, וואס איז ניט געשריבען געווארען, איז געווען צו דער קאנסטיטושאן־רעוויזיאנס קאמיטע וועגען אונזער רעקאמענדאציע, אז די נ. ב. אף ד. זאל קאנען זיין פארטראטען צו קאנווענשאנס דורך צוויי דעלעגאטען. איך גלויב, אז עס וואלט געווען ראטזאם איינצולאדען די קאנסטיטושאן קאמיטע צו איינער פון אונזערע זיצונגען און מיט זיי געמיינשאפטליך באטראכטען רעקאמענדאציעס וועגען דער נ. ב. ד. אויב איר וועט באשליסען אנדערש, איז נאך דא גענוג צייט זיי צו שרייבען. זייער ארבייט וועט זיך ענדיגען ביי דער קומענדער קאנ־ווענשאן.

ספעציעלע קאנווענשאן

ווי אונזער דזשענעראל סעקרעטער, גענ. באסקין, גיט מיר איבער, האט די דעטראיטער קאנווענשאן באשלאסען איבערצוגעבען דער עק־זעקוטיוו קאמיטע דאס רעכט צו רופען א ספעשעל קאנווענשאן, ווען זיי געפינען פאר נויטיג דאס צו טאן, כדי צו ענדערן געוויסע פונקטען אין דער קאנסטיטושאן. וועגען דער פארטרעטערשאפט צו די ספעציעלע קאנווענשאנס, איז איבערגעגעבען געווארען דער עקזעקוטיוו דאס רעכט צו באשטימען ווי אזוי די קאנווענשאנס זאלען צוזאמענגעשטעלט ווערען. אין זייער ארבייט צו לעגאליזירען דעם ארב. רינג אין אלע סטייטס, האבען זיי זיך אנגעשטויסען אן געוויסע פונקטען פון דער קאנסטיטושאן, וועלכע זיינען ניט אין איינקלאנג מיט די געזעצען פון אנדערע סטייטס. די עקזעקוטיוו האט ביי זייער לעצטען מיטינג אנ־גענומען א רעזאלוציע צוזאמענצורופען א ספעציעלע קאנווענשאן און די פארטרעטערשאפט זאל זיין איינער פון א סטייט, און די מיטגלידער פון דער נ. ב. אף ד. וועלען זיין די דעלעגאטען. די קאנווענשאן וועט פארקומען ביי איינער פון אונזערע זיצונגען צום יעצטיגען צוזא־מענפאר.

רעקאמענדיישאנס

ביי דעם היינטיגען צוזאמענפאר וועלען מיר אויך באדארפען אנ־נעמען געוויסע רעקאמענדיישאנס צו דער קומענדער קאנווענשאן.

צום באדויערן זיינען לעצטען יאר קיינע פון אונזערע רעקא־מענדיישאנס ניט דורכגעגאנגען. א מייל זיינען דורכגעפאלען ביי די קאנווענשאן קאמיטעס, און איין רעקאמענדיישאן, וואס האט שוין גע־האט די זכיה דורכצוגעהן ביי דער קאנווענשאן, האבען דאס די מעמ־בערס ביים רעפערענדום נידערגעשטימט. מיר וועלען דארפען אנפאנגען אגיטירען פאר אונזערע רעקאמענדיישאנס דעם יאר דורך דעם „פריינד", אדער דורך א צושריפט צו די בראנטשעס, כדי די מעמבערס זאלען זיך באקענען מיט די אורזאכען, ווארום מיר פארלאנגען אז די ענדערונגען זאלען געמאכט ווערען.

אפילס

פאר דער צייט פון די זעקס מאנאטען האב איך דערהאלטען אויר־ניגע אפילס, וועלכע וועלען פארקומען פאר אייך ביים היינטיגען צו־זאמענפאר.

איך האב ניט געפונען פאר נויטיג צוזאמענצורופען אונזער סאב־גריוועגס קאמיטע, ווייל די אפילס זיינען ניט פון דעם סארט, וואו עס פאדערט זיך נאכצוקוקען געוויסע רעקארדס. ווען איך וואלט צוזאמענ־גערופען די גריוועגס קאמיטע, וואלטען די אפעלאנטען געמוזט דער־שיינען צוויי מאל פאר איין צוועק.

ווי איר וועט באמערקען, איז דער היינטיגער טאגעס־ארדנונג גע־ענדערט געווארען אזוי דאס די נאצ. גריוועגס קאמיטע וועט זיין די ערשטע פאר אונז צו באריכטען. איך האף, אז איר וועט דעם טאגעס־ארדנונג אזוי אננעמען, ווייל איינע פון די הויפט־ארבייטען ביי די צוזאמענפארען איז אויסצוהערען אפילס און באשליסען וועגען זיי, און דאס וועט זיין פיל בעסער, ווען דעם ערשטען טאג זאלט איר אויס־הערען די אפילס און אננעמען באשלוסען, און ניט ביי דער לעצטער זיצונג, ווען אלץ ווערט געטאן אין איילעניש.

איך האב דעריבער ארויסגערופען די אלע קאמיטעען צו קומען צו דער צווייטער זיצונג.

מיט איניגע מאנאטען צוריק האב איך דערהאלטען אן אפיל פון 5 שיקאגא מעמבערס. דער דאזיגער אפיל האט געדארפט געהן צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע, נאר די אפעלאנטען האבען ווארשיינליך ניט געוואוסט ווי צו אפעלירען, האבען זיי אפעלירט צו דער נ. ב. ד. איך האב זיי וועגען דעם אויפמערקזאם געמאכט, און איך האב געקראגען פון זיי די צושטימונג זייערע אפילס איבערצושיקען צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע.

באציהונגען צו די נאצ. קאמיטעס

איך וויל ציהען אייער אויפמערקזאמקייט אויף א פאקט, כאטש עס איז ניט אנגענעם צו רעדען וועגען דעם, דאך קאן מען פון אמת ניט אוועקגעהן, און דאס איז וועגען די באציהונגען פון געוויסע נא־ציאנאלע קאמיטעס צו דער נ. ב. א. ד.

אין אלע אונזערע פארהאנדלונגען ביי די פריהערדיגע זיצונגען האבען מיר, ווי ווייט איך האב געקענט באמערקען, אלע טשערליים פון דער עקזעקוטיוו אויפגענומען און אויסגעהערט אויף א חבר'שען אופן, זיי צוגעגעבען מוט אין זייער ווייטערדיגער ארבייט און גע־האלפען זיי דורכפירען די ארבייט אין די סטייטס, וועלכע מיר פאר־טרעטען. אויב געוויסע פראגען זיינען קריטיקירט געווארען, איז דאס אויך געווען אין א חבר'שען טאן.

פאר דער לעצטער צייט, אבער, האבען געוויסע עקזעקוטיוו קא־מיטעס אנגעפאנגען איגנארירען גאנץ אפט די נ. ב. א. ד., זייערע פאר־לאנגען, אדער זאגאר זייערע באשלוסען. ביים לעצטען צוזאמענפאר איז די פראגע אויפגעהויבען געווארען געגען איניגע קאמיטעס, דעם מאל וועט איר דאס מוזען טאן געגען אנדערע קאמיטעס. איך גלויב אבער, אז איר זאלט ארויסזאגען אייער ווארט וועגען דעם.

איך וויל אז עס זאל פארשטאנען ווערען, אז מיין באמערקונג איז ניט וועגען דער עקזעקוטיוו קאמיטע אלס א גאנצע, נאר בלויז וועגען געוויסע טיילען פון דער עקזעקוטיווע.

לאמיר האפען, אז איר וועט ביי אייער היינטיגען צוזאמענפאר ארויסזאגען אייער ווארט אזוי, דאס אין דער צוקונפט זאלען אזעלכע באמערקונגען ניט דארפען געמאכט ווערען.

א נייער דירעקטאר

מיט פרייד קאן איך אייך איבערגעבען, דאס אונזער משפחה פון דירעקטארען פארגרעסערט זיך, און צו דער היינטיגער זיצונג קריגען מיר צו פר. ליפשיטץ אלס דירעקטאר פון טעקסאס סטייט. לאמיר האפען, אז צום קומענדען צוזאמענפאר וועלען סטייטס, וואס זיינען בארעכטיגט צו ערוויילען דירעקטארען, אנוועזענד זיין ביי אונזערע זיצונגען.

ווינשענדיג אייך ערפאלג אין אייער ארבייט, פארבלייב איך אייער

ל. ארקין, סעק.

---

דער פאלגענדער טאגעס־ארדנונג ווערט אנגענומען:

ערשטע זיצונג

א) פארלעזען דעם פראטאקאל פון דער לעצטער זיצונג;
ב) צושריפטען;
ג) רעפארט פון דער קאמיטע, וואס האט באזוכט דעם סאניטאריום.

צווייטע זיצונג

ד) באריכט פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע;

ה) אויפנעמען אפילס;
ו) באשלוסען וועגען אפילס.

## דריטע זיצונג

ז) באריכט פון טשערמאן פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע;
ח) באריכט פון גענעראל סעקרעטער.

## פערטע זיצונג

ט) באריכט פון דער נאצ. סאניטאריום קאמיטע;
י) באריכט פון דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע;
יא) באריכט פון רעדאקטאר פון „פריינד“.

## פינפטע זיצונג

יב) באריכט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע;
יג) באריכט פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע;
יד) באריכט פון דער נאצ. אפיס קאמיטע.

## זעקסטע זיצונג

טו) באריכטען פון די סטייטס;
טז) וואהל פאר א רעלעגאט צו דער קאנווענשאן;
יז) וואהל פאר א סאבסטיטוט דעלעגאט;
יח) רעקאמענדיישאנס צו דער קאנווענשאן;
יט) ערוויילען א קאמיטע צו באזוכען דעם סאניטאריום;
כ) וואהל און בעסטען.

פריינד ת. לין, ניו־דזשוירזי, שלאגט פאר, אז די פראטאקאלען פון דער לעצטער זיצונג זאלען ניט געלעזען ווערען, ווייל דאס איז געדרוקט געווען אין „פריינד“ און די דירעקטארען האבען דאס שוין געלעזען. דער פארשלאג ווערט אנגענומען.

פר. י. וויניצקי, אהייא, דענקט, אז געוויסע פונקטען ווערען פון סעקרעטער אריינגעשריבען און געדרוקט, וועלכע האבען געדארפט ארויסגעלאזען ווערען. ער מערקט אן אויף איין פונקט וועגען דער רעדאקציע פון „פריינד“, וועלכער איז געווען ניט דייטליך גענוג פאר די מעמבערס.

ל. ארקין, פענסילווייניא, לעזט פאר דעם טייל פון פראטאקאל, וואס פר. וויניצקי דענקט, אז ער איז ניט פארשטענדליך גענוג. די דירעקטארען חייסען גוט דעם פראטאקאל ווי געשריבען.

פר. ס. לין, קוויבעק, שלאגט פאר, אויב די רעדאקציע פון „פריינד“ ווארפט ארויס א געוויסען טייל פון די פראטאקאלען, זאל דער סעקרעטער אין די אפיציעלע פראטאקאלען דאס אריינשטעלען. דער פארשלאג ווערט אנגענומען.

ל. ארקין, פענסילווייניא, מאכט אויפמערקזאם וועגען דעם פריצייטיגען טויט פון דר. קלימענקא. דער טשערמאן בעט אלע אנוועזענדע זיך אויפצושטעלען צו עהרען זיין אנדענקען און אינסטרואירט דעם סעקרעטער צו שיקען א טרויער־רעזאלוציע צו זיין פאמיליע.

פר. ם. רייס, קאנעקטיקוט, שלאגט פאר צו שיקען א ניו־יאר־באגריסונג צו גענ. דעבס. דער פארשלאג ווערט אנגענומען.

דער סעקרעטער לעזט פאר צושריפטען:

א) פון דער א.־ר. קאאפעראטיווע געזעלשאפט — זיי לאדען איין צוויי פארטרעטער צום באנקעט, אין בעטהאווען האל, לכבוד דער ערעפענונג פון דער א.־ר. קאאפעראטיווע בעקעריי, שבת, דעם 1טען יאנואר.

די איינלאדונג ווערט מיט דאנק אנגענומען, און אלס פארטרעטער ווערען ערוויילט ת. לין, ניו־דזשוירזי, און י. וויניצקי, אהייא.

ב) פון מאקס זימער, מעמבער פון בר. 250 — ער אפעלירט געגען דער נאצ. גריוועגס קאמיטע פאר'ן גוטהייסען דעם באשלוס פון בר. 250 און שטראפירען אים מיט 200 דאלאר דערפאר, וואס ער האט פארבראכען געגען די פרינציפען פון א.־ר. אין דער צייט פון שטאל־סטרייק.

ער טענה'ט, אז די ארבייטער פון זיין פאך זיינען אין סטרייק ניט ארויסגערופען געווארען; און ווען מען זאל זיך אנפרעגען ביי פאסטער'ן, וועלכער איז געווען דער פירער פון סטרייק, וואלט ער דאס באשטעטיגט. ער דענקט, אז די שטראף האט באדארפט פון אים אראפגענומען ווערען.

ג) אן אפיל פון בר. 45 געגען דער נאצ. גריוועגס קאמיטע אין פארלייכטערן די שטראף פון לואיס שטיין, וועמען דער בראנטש האט שטראפירט מיט 50 דאלאר און די גריוועגס קאמיטע האט איבערגעביטען די שטראף אויף 5 דאלאר.

ד) פון בר. 395 — אן אפיל געגען דער נאצ. גריוועגס קאמיטע פאר איר באשלוס צו פארלייכטערן די שטראף פון מ. זימעל, וועמען דער בראנטש האט שטראפירט מיט 300 דאלאר — אויף 10 דאלאר.

ה) פון וו. ליבען, מעמבער פון בר. 206 — ער אפעלירט געגען דער נאצ. גריוועגס קאמיטע פאר'ן גוטהייסען דעם באשלוס פון בראנטש און ארויפלייגען אויף אים א שטראף.

ו) פון בר. 869 — אפעלירען געגען דער נאצ. גריוועגס קאמ., ווארום זיי האבען גוטגעהייסען דעם באשלוס פון דער סאניטאריום קאמיטע אין ענטזאגען זייער מעמבער, הערמאן אנשעל, די סאניטאריום בענעפיט.

ז) א צווייטער צושריפט פון בר. 369 — אז זיי ציהען צוריק דעם פריהער דערמאנטען אפיל, ווייל דער אפיס האט באוויליגט פריינד אנשעל די 200 דאלאר קאנסאמפשאן בענעפיט.

ח) פון מ. פרידמאן, מעמבער פון בר. 542 — ער שטימט איין, אז דער אפיל פון די 9 מעמבערס פון זיין בראנטש, וועלכער ער איז איינער פון זיי, זאל אריבערגעשיקט ווערען צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע און ז ייזאלען דעם אפיל ענטשיידען.

ט) צוויי בריף פון מ. גוטמאן, פעטערסאן, נ. דזש. — ער פאדערט, אז מ'זאל אים שיקען דעם באשלוס פון דער נ. ב. א. ד. בנוגע דעם געוועזענעם בר. 192. דער סעקרעטער דערקלערט, אז ער האט אויף דעם געענטפערט, אז דער באשלוס איז געשיקט געווארען אויף דער אדרעס, וואס איז אנגעגעבען געווארען אויף דעם אפיל, און צו קיין זייטיגע מענשען ווערען ניט ארויסגעגעבען קיינע באשלוסען.

י) פון בר. 31 — באדאנקען וואס די נ. ב. א. ד. האט געווירקט אויף דער בענעפיט קאמיטע, אז זיי זאלען אויסצאלען פריינדין ליען די בענעפיט.

יא) פון דער נאצ. גריוועגס קאם. — פרעגען צי דער סעקרעטער האט שוין געלאזט וויסען פר. ס. מאלל וועגען דער ענטשיידונג אין דער קלאגע געגען קאטץ פון בר. 184.

עס ווערט באשלאסען אויפצונעמען אלע אפילס ביי דער נאכמיטאג זיצונג.

די קאמיטע וואס האט באזוכט דעם סאניטאריום רעפארט:

פריינד ת. שערמאן באריכטעט, אז ער און פר. וויניצקי האבען באזוכט די לעצטע פאר טעג דעם סאניטאריום.

די באציהונגען צווישען די פאציענטען און דער פארוואלטונג זיינען הארמאניש.

זיי האבען אלץ באטראכט, גערעדט מיט די פאציענטען און אלץ איז אין בעסטען ארדענונג. ער גלויבט אבער, אז די פארם, ארום דעם סאניטאריום, קאן מען אין דער צוקונפט מער אנטוויקלען.

די פאציענטען זיינען שטארק צופרידען מיט דעם נייעם דאקטער. ער באדאנקט די דירעקטארען פאר דער עהרע, וואס מ'האט אים געגעבען צו האבען די געלעגענהייט צו באזוכען דעם סאניטאריום. איבערהויפט דאנקט ער דעם טשערמאן פון דער עקז. קאמיטע, וואס ער האט געשריבען, אז מ'זאל דער קאמיטע געבען א פריינדליכע און שיינע אויפנאמע.

פריינד י. וויניצקי זעצט צו צום רעפארט, דאס נאך זיין מיינונג האט דער עקס־רעי דעפארטמענט געדארפט געביטען ווערען אויף אן אנדער פלאץ ווי אין סעלער, וואו מ'באדארף דורכגעהן דעם קעלער, וואס איז פול מיט שטויב פון געברענטע קוילען. ער דענקט אויך, אז מ'זאל פייוועז די וועגען, פון איין בילדינג צום צווייטען.

דער רעפארט ווערט אנגענומען און די קאמיטע ווערט באדאנקט.

דערמיט שליסט זיך די ערשטע זיצונג.

---

צווייטע זיצונג, 2 א זייגער נאכמיטאג, מיט ת. לין, ניו־דזשוירזי, אלס פארזיצענדער.

גענ. ראטמאן, מיטגליד פון ווארשאווער שטאט־ראט, וועלכער געפינט זיך גראד אין האל, ווערט פון פארזיצענדען איינגעלאדען צו אדרעסירען די דירעקטארען.

ער פאנגט אן זיין באגריסונג מיט דעם, וואס ער דאנקט פאר דעם כבוד, וואס מ'האט אים געגעבען צו קענען אדרעסירען דעם צוזאמענפאר. ער נעמט אבער דעם כבוד ניט פאר זיך, נאר פאר דער אידישער ארבייטער־באוועגונג, וועלכע ער פארטרעט.

ער לויבט זעהר דעם ארב. רינג, איבערהויפט, פאר דעם גרינדען דעם סאניטאריום, וועלכען ער האט באזוכט, און וואו די קראנקע פילען זיך ווי ביי זיך אין דער היים, און פאר דעם גוואלדיגען סאציאליסטישען איינפלוס, וואס דער א.־ר. איבט אויס אויף דער אידישער גאס.

ער באדאנקט פאר דער געלט־שטיצע, וואס דער א.־ר. האט געשיקט צו די ארבייטער־ארגאניזאציעס אויף דער אנדערער זייט ים. ער ווינשט דאס די צוויי קאמפיינס, וואס דער א.־ר. פירט יעצט אן, זאלען זיין ערפאלגרייך.

## רעפארט פון דער גריוועגס קאמיטע

פריינד העסקעל, טשערמאן פון דער גריוועגס קאמיטע, באריכטעט: עס זיינען די לעצטע פאר מאנאטען פארגעקומען זעהר פיל אפילס.

ער גיט די אפילס איבער בקיצור:

אין בר. 61 איז א מיטגליד באשטראפט געווארען מיט 5 דאלאר צוליב זיין האלטונג ביי א מיטינג פון בראנטש, נאכדעם ווי די ארג. קאמ. האט אים באוויליגט א פרענספער, איז די שטראף פון אים ארונטערגענומען געווארען.

בר. 82 האט אפעלירט געגען דער בענעפיט קאמיטע פאר'ן אויסצאלען א מעמבער קראנקען־בענעפיט, צו וועלכע ער איז, לויט דער מיינונג פון בראנטש, ניט געווען בארעכטיגט. דער מעמבער האט אבער צוגעשטעלט סטייטמענטס, אז ער איז געווען קראנק, און דער אפיל פון בראנטש איז צוריקגעוויזען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 107 האט אפעלירט געגען בראנטש פאר שטראפירען אים מיט 25 דאלאר דערפאר, וואס ער האט געהאט טראבעל מיט זיינעם אן ארבייטער, און דער ארבייטער האט פאראורזאכט א סטרייק ביי אים. די יוניאן האט נאכהער באשלאסען, אז דער סטרייק איז געווען אומגערעכטער, און כאטש די אונטערזוכונגס־קאמיטע האט אריינגעבראכט אן אורטייל „קלאגע ניט באגרינדעט“, דאך האט דער בראנטש ביי א צווייטען מיטינג אים באשטראפט מיט 25 דאלאר. די גריוועגס קאמיטע האט פון אים די שטראף ארונטערגענומען.

א מיטגליד פון בר. 171 האט אפעלירט געגען באשלוס פון בראנטש

פאר שטראפירען אים מיט 25 דאלאר דערפאר, וואס ער האט עדות געזאגט געגען א צווייטען מיטגליד אין געריכט. דער אנגעקלאגטער אין געריכט איז געווען א באס, און דער קלעגער איז געווען אן ארבייטער. די שטראף איז פון אים ארונטערגענומען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 185 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר שטרייכען אים פאר $11.20, וואס ער איז געבליבען שולדיג דעם בר., אין דער צייט וואס ער האט א סכסוך מיט דעם בר. פאר געלד, וואס ער האט אויסגעצאלט אן אן אנדער פאל. זיי האבען באשלאסען אים צו ענטפערן, אז ער דארף דאס געלט באצאלען און זיך ווענדען צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע מיט זיין טענה פאר די אנדערע געלט.

א מיטגליד פון בר. 206 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר שטראפירען אים מיט 25 דאלאר, פאר מאכען מיאוס'ע באשולדיגונגען געגען א צווייטען מיטגליד. דער אפעלאנט איז עטליכע מאל ארויסגערופען געווארען זיך פארטיידיגען און ער איז ניט געקומען, און זיי האבען גוטגעהייסען די האנדלונג פון ברענטש.

בר. 210 האט געהאט א סכסוך מיט זייערן א דאקטער, וועלכער איז אנגעשטעלט געווארען פון סעקרעטער אויף א יאר צייט, ווערענד אין ברענטש איז עלעקשאנס אלע 6 מאנאטען. זיי האבען באשלאסען אויסצוצאלען דעם דאקטער פאר דעם דריטען קווארטאל, ווייל עס איז באוויזען געווארען, אז ער האט געהיילט קראנקע פון ברענטש פאר יענער צייט.

א מיטגליד פון בר. 214 אפעלירט געגען ברענטש פאר טעקסען אים מיט 8 דאלאר טיקעטס פאר אן אונטערנעמונג, ווערענד אנדערע מיטגלידער האבען בלויז געקראגען צו איין און צו צוויי דאלאר טיקעטס. עס איז באוויזען געווארען, אז עס איז בלויז געטאן געווארען צו איינעם, ווייל ס'האט אויסגעפעלט טיקעטס, און דער אפיל איז צוריקגעוויזען געווארען.

א געוועזענער מיטגליד פון בר. 223 האט אפעלירט געגען דער בענעפיט קאמיטע פאר צוריקווייזען זיין בענעפיט. קיינער האט ניט געהאט קיין קאנטראל איבער אים, און די סערטיפיקייטס זיינען ניט געווען אונטערגעשריבען פון קאמיטעס, און דעריבער איז דער אפיל צוריקגעוויזען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 250 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר שטראפירען אים מיט 800 דאלאר, פאר בלייבען ארבייטען אין צייט פון א שאפ־סטרייק. ווייסענדיג אז דאס איז געווען אן אלגעמיינער סטרייק, איז זיין אפיל צוריקגעוויזען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 264 אפעלירט געגען ברענטש פאר שטראפירען אים מיט 99 דאלאר. די פראגע איז געווען א קאמפליצירטע און דער ברענטש האט זיך ענטזאגט צו קומען זיך פארטיידיגען, און די שטראף פון מיטגליד איז ארונטערגענומען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 320 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר שטראפירען אים מיט 10 דאלאר. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז שטראפירט געווארען פאר שלאגען א צווייטען מיטגליד, און דער אפיל איז צוריקגעוויזען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 325 אפעלירט געגען דער אפיס קאמיטע פאר ענטזאגען אויסצוצאלען טוימען־בענעפיט פון זיין שוועסטער, פון וועלכער ער איז געווען דער בענעפישערי. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער אפיס האט צוריקגעוויזען דעם אפליקיישאן דערפאר, וואס דער ברודער, וועלכער איז אליין געווען דער בענעפישערי, איז געווען מיט איר צום דאקטער עקזאמינייטאן נאכדעם ווי זי איז א צווייטען מאל עקזאמינירט געווארען, און אוידער איר אפליקיישאן איז אנגעקומען אין אפיס איז זי געשטארבען, און דעריבער איז די האנדלונג פון דער אפיס קאמיטע גוטגעהייסען געווארען.

א מיטגליד פון בר. 848 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר ענטזאגען זיך ציילען זיין שטימע אין א געוויסער פראגע, ווען דער בר. האט ביי אים צוגענומען דאס רעכט צום ווארט פאר א געוויסער צייט. דער ברענטש איז אויפמערקזאם געמאכט געווארען, אז זיי קענען ניט אוועקנעמען דאס רעכט פון מיטגליד צו שטימען איבער געוויסע פראגען.

א מיטגליד פון בר. 869 האט אפעלירט געגען דער סאניטאריום קאמיטע אין ענטזאגען אים ארייננצונעמען אין סאניטאריום. די סאניטאריום קאמיטע האט באוויזען, אז זיי האבען ריכטיג געהאנדעלט, און עס זיינען אים אויסגעצאלט געווארען די 200 דאלאר קאנסאמפשאן בענעפיט.

א מיטגליד פון בר. 412 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר ניט נעמען קיין שריטע געגען א מיטגליד, וועלכער האט אים ביי א מיטינג באשולדיגט אין פארנעמען געלט פון ברענטש און די באשולדיגונג איז נאכדעם פארשפריים געווארען אין שאפ און אין דער יוניאן. דער ברענטש איז געטאדעלט געווארען פאר ערלויבען אזא זאך און ניט נעמען קיין שריטע געגען די פארלוימדער.

א מיטגליד פון בר. 498 האט אפעלירט געגען ברענטש פאר מאנען אים 10 דאלאר, וועלכע ער האט געשיקט צום ברענטש דורך א מאני־ארדער. דער סעקרעטער האט דאס געהאלטען אריבער 9 מאנאטען, און נאכדעם צוריקגעשיקט צום אפעלאנט, וועלכער קליימט, אז ער האט דעם מאני־ארדער ניט דערהאלטען. מ'האט דעם ברענטש געלאזט וויסען ניט צו מאנען פון מיטגליד די 10 דאלאר, נאר אויסגעפינען וואו דער מאני־ארדער געפינט זיך.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראגען, וועלכע ווערען צופרידענגעשטעלט פארענטפערט.

דער רעפארט ווערט אנגענומען און מר. חעסקעל ווערט באדאנקט.

---

דער סעקרעטער לעזט פאר די רעזאלוציע, וואס ער האט אוועקגעשיקט צו דער פאמיליע פון דר. קלימענקא.

טרויער רעזאלוציע

מיר, די נאציאנאלע באארד אוו דירעקטארען פון ארבייטער־רינג, האבען ביי דער זיצונג, אפגעהאלטען דאנערשטאג נאכמיטאג, דעם 30טען דעצעמבער, באשלאסען אויסצודריקען דעם טיפסטען טרויער אויף דעם פארלוסט פון אונזער אלעמענס באליבטען פריינד דר. ת. קלימענקא.

מיר וויסען וויפיל צייט און מיה דר. קלימענקא פלעגט ביי זיין לעבען אוועקגעבען פאר געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס און הויפטזעכליך פאר'ן ארבייטער־רינג. די מעדיצינישע פראגען פון א.־ר. זיינען ביי אים אלע מאל געווען אזוי ווי א טייל פון זיין מעדיצינישער פראקטיק. דער דזשענעראל אפיס, ווי אויך די נאצ. בענעפיט קאמ., האבען שטענדיג געוואוסט, אז אין דר. קלימענקא האבען זיי א נאהענטען פריינד, מיט וועמען זיך צו בעראטען אין אלע וויכטיגע מעדיצינישע פראגען. דר. קלימענקא האט ביי זיין גאנצען לעבען געפילט, אז עס איז דא עטוואס אזעלכעס, וואס שטעהט העכער ווי אייגענע פערזענליכע אינטערעסען, און דיזע עטוואס האט אים געמאכט אזוי באליבט צווישען די טויזענטע מענשען, מיט וועלכע ער איז געקומען אין בארירונג, און באזונדערס ביי די פארוואלטער פון אונזער ארדען.

זיין געטרייסט נאך דעם פארלוסט פון דר. קלימענקא, וועמעס פריצייטיגער טויט ווערט פון אונז באדויערט ניט ווייניגער ווי פון זיין פרוי, פון זיינע קינדער און פון זיינע פריינד.

מיט אכטונג,

נאציאנאלע באארד אוו דירעקטארען, ארבייטער־רינג.

ל. ארקין, סעקרעטער.

---

עס ווערען אויפגענומען אפילס.

(פאר איינצעלהייטען פון די אפילס זעה פראטאקאל פון דער ערשטער זיצונג).

א) זימער, פון בר. 250, אפיל:

עס ווערט באשלאסען אים צו ענטפערן, אז דער שאפ־סטרייק איז געווען אן אלגעמיינער סטרייק, און, אלס מיטגליד פון א.־ר., האט געדארפט זיין ארבייט פארלאזען ווען דער סטרייק איז ארויסגערופען געווארען. ער האט דאס אבער ניט געטאן. דעריבער ווערט זיין אפיל צוריקגעוויזען, און די האנדלונג פון דער גריוועגס קאמיטע אין גוטהייסען די שטראף, וואס דער ברענטש האט אויף אים ארויפגעלייגט, ווערט גוטגעהייסען.

ב) בר. 45 אפיל:

עס ווערט באשלאסען צוריקצואווייזען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע אין פארקלענערן די שטראף פון לואיס שטיין, און גוטהייסען די שטראף, וואס דער ברענטש האט אויף אים ארויפגעלייגט, פאר ניט האנדלען אין איינקלאנג מיט די פרינציפען פון א.־ר.

ג) בר. 395 אפיל:

עס ווערט באשלאסען צוריקצואווייזען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע אין פארקלענערן די שטראף פון מ. זימעל, פאר געברויכען ניט פאסענדע אויסדרוקען ביי א מיטינג. עס איז באוויזען געווארען, אז דער מיטגליד מאכט אן טומעל אין ברענטש און באלייריגט די מיטגלידער, און מ'האט גוטגעהייסען די שטראף פון ברענטש.

פריינד ארקין, פענסילווייניא, שלאגט פאר, אז מ'זאל צוריקרופען דעם פריהערדיגען באשלוס, וואס איז אנגענומען געווארען בנוגע לואיס שטיין פון בר. 45. דער פארשלאג ווערט אנגענומען מיט צוויידריטעל מאיארימעט.

ער שלאגט פאר, אז מ'זאל גוטהייסען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע און פארקלענערן די שטראף פון לואיס שטיין, ווייסענדיג דעם סענטימענט פון די מעמבערס פון ברענטש (ווייל דער אפיל איז פון זיין ברענטש) און אויך זיך שטיצענדיג אויף דעם פאקט, אז אנדערע זיינען פאר דעם זעלבען פארברעכען בלויז שטראפירט געווארען מיט דער סומע, וואס די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען.

איניגע דירעקטארען זיינען מיט דער מיינונג, אז אויב ארקינס ארגומענטען זיינען ריכטיגע, אז דער סענטימענט פון ברענטש איז, מען זאל פארלייכטערן די שטראף, טו ווארום האט דער ברענטש אפעלירט? און אויב דאס איז דער סענטימענט פון ברענטש, וועט מען דאך ביי א מיטינג קענען די שטראף ענדערן.

עס ווערט ארויסגערופען א גאנץ לעבעדיגע און היציגע דעבאטע, און מען נעמט דאס אפשטימען דורך א ראל־קאל. עס שטימען פאר פארקלענערן די שטראף: ל. ארקין, פענסילווייניא; ל. בעצאהלער, ניו־יארק; א. פעלאווימש, מערילאנד; א. רובין, וויסקאנסין; מ. רייס, קאנעקטיקוט; א. ריבאו, אנטאריא; ח. שערמאן, ראוד־איילאנד. געגען שטימען: ל. בענענסאן אילינאיז; ב. דאקסער, מישיגען; ט. דייוויס, ווירדזשיניא; י. וויניצקי, אהייא; ח. לין, ניו־דזשוירזי; ד. שייער, מינעסאטא; ס. שולמאן, מעין. דערמיט ווערט ווידער מיט 2 שטימען געגען 7 באשלאסען צוריקצואווייזען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע און גוטהייסען דעם באשלוס פון ברענטש.

פר. ליבין, מיטגליד פון בר. 208, איז אפּוועזענד ווען זיין אפּיל ווערט אויפגענומען, און עס ווערט באשלאסען אים ארויסצורופען אויף דער שבת פּארמיטאג זיצונג.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאסען.

צוליב דעם וואס די עקזעקוטיוו קאמיטע האט גערופען א ספּעציעלע קאנווענשאן פון א.־ר. פאר פרייטאג פריה, דעם 31טען דעצעמבער, און די נאצ. באארד אף דירעקטארען זיינען געווען די דעלעגאטען (מיט דער אויסנאמע פון איינעם, וועלכער האט זיך ענטזאגט צו זיין א דעלעגאט), איז די דריטע זיצונג אפּגעלייגט געווארען אויף פרייטאג נאכמיטאג.

---

דריטע זיצונג, פרייטאג, דעם 31טען דעצעמבער, 4 א זייגער נאכמיטאג, מיט ס. שולמאן, מעין, אלס פארזיצענדער.

ביים מיטינג זיינען אויך אנוועזענד די קאנסטיטושאן רעוויזיאנס קאמיטע, די פריינדע ל. ראטהמאן, א. דינערשטיין און א. לאנגער, וועלכע זיינען איינגעלאדען געווארען צו דיסקוטירען אייניגע רעקאמענדיישאנס צו ענדערן אין דער קאנסטיטושאן.

עס אנטוויקעלט זיך א דיסקוסיע איבער אייניגע פונקטען, אין וועלכע עס נעמען אנטייל די דירעקטארען און די קאנסטיטושאן קאמ.

עס ווערט פארגעלעזען א צושריפט פון דער סאניטאריום קאמ., וואו זיי לאדען איין א פארטרעטער צום עלף־יעריגען יובילייאום פון סאניטאריום.

פריינד ל. בעצאהלער, ניו־יארק, ווערט ערוויילט צו פארטרעטען די נ. ב. א. ד. ביים יובילייאום.

סאניטאריום קאמיטע באריכט

פריינד שפּינראד, וויים־טשערמאן פון דער קאמיטע, גיט אפּ זיין באריכט:

דער טשערמאן פון דער קאמיטע, פר. וואלבערג, איז געווען אין איירפּא פון 17טען יולי ביז מיט א קורצער צייט צוריק, און דעריבער האט ער (שפּינראד) פארנומען זיין פלאץ.

אין סאניטאריום איז אלץ יעצט אין בעסטען ארדענונג. גלייך נאך זייער אינסטאלליישאן האט דר. פיש רעזיגנירט, ווייל ער האט געוואלט פארען נאך לאס־אנדזשעלעס, און מיט גרויס שוועריגקייטען איז זיי אנגעקומען צו קריגען דעם יעצטיגען דאקטער, דר. אנטאנאווסקי.

דעם טאג ווען דר. פיש האט געדארפט פארלאזען דעם סאניטאריום איז געמאכט געווארען אן אפּשייד־פּארטי, וואו אלע פּאציענטען זיינען אנוועזענד געווען. די פּאציענטען האבען דעם דאקטער געגעבען א שיינע מתנה אלס אנדענקען. ער (שפּינראד) איז געווען א וואך צייט אין סאניטאריום, ווען דר. פיש איז אוועק און ווען דער נייער דאקטער האט געדארפט איבערנעמען זיין אמט.

דער מישא עלמאן קאנצערט אין סאניטאריום איז געווען א גרויסער ערפאלג. אין אלגעמיין האבען אלע קאנצערטען געמאכט א גוטע מאראלע ווירקונג אויף די פּאציענטען און אויף דעם זייטיגען עולם.

אין דער אדמיניסטריישאן בילדינג איז אריינגעשטעלט געווארען א נייער באילער.

א געוויסער פּאציענט, וואס איז אויסגעשריבען געווארען צוליב דעם, וואס זיין קראנקהייט האט זעהר שלעכט געווירקט אויף די אנדערע פּאציענטען, נאכדעם ווי מ'האט אים אפּגעשיקט צוריק אין ניו־יארק, איז מיט א קורצער צייט שפּעטער אנגעקומען א טעלעגראמע, אז ער קומט צוריק אין סאניטאריום. מ'האט אים פון טריין געמוזט ארונטערנעמען אויף „סטרעטשערס". צוריק אין סאניטאריום האט מען אים ניט געקענט ברענגען, און מ'האט אים געמוזט אריינגעמען אין א האטעל און האבען פאר אים א נורס.

אין סאניטאריום געפינען זיך 47 מענער פּאציענטען און 3 פרויען פּאציענטען.

פריינד שפּינראד לעזט אויך פאר א פינאנציעלען סטייטמענט וועגען אלע סאניטאריום־פאנדס.

עס ווערען געשטעלט אייניגע פראגען, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד פארענטפערט.

דער רעפּארט ווערט אנגענומען און פר. שפּינראד ווערט באדאנקט.

פריינד גאליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער, לעזט פאר די פּראטאקאלען פון די נאצ. עקזעקוטיוו זיצונגען, וועלכע זיינען נאך ניט געדרוקט געווען אין „פריינד".

רעדאקטאר פון „פריינד" באריכטעט

פריינד י. ב. ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד", גיט אפּ זיין באריכט:

ער זאגט, אז זיין ארבייט אלס רעדאקטאר פון „פריינד" איז בלויז א טייל פון דער גאנצער עדיוקיישאנאל ארבייט, פון וועלכע ער איז דער דירעקטאר. אונטער די אומשטענדען געהט דער „פריינד" ארויס אזוי אינטערעסאנט ווי נאר מעגליך.

דער „פריינד" געהט דערווייל ארויס צוויי־מאנאטליך, צוליב דעם וואס ביים רעפערענדום לעצטען יאר איז דורכגעפאלען דער פארשלאג צו חעכערן דעם „פריינד"־פאנד.

מיט דעם וואס די לאגע פון פּאפּיר איז פארבעסערט געווארען און מען קאן קריגען פּאפּיר פאר 9 סענט א פונט אנשטאט 18 סענט, גועט דער „פריינד" אנפאנגען ערשיינען מאנאטליך. ביז צו דער קאנ־ווענשאן וועט אבער זיין ארום 5 טויזענט דאלאר א דעפיציט. עס איז טאקע אמת, אז פּאפּיר איז ביליגער געווארען, אבער אנדערע דרוקמאטעריאלען זיינען נאך טייערער געווארען.

ער האפט אז די קומענדע קאנווענשאן און רעפערענדום וועלען באוויליגען צו פארגרעסערן דעם „פריינד"־פאנד, אזוי דאס דער „פריינד" זאל קענען ערשיינען מאנאטליך, מיט מעהר לעזעשטאף, ווייל די פּראטאקאלען פון די קאמיטעען, וואס מוזען געדרוקט ווערען, פארנעמען א גרויסען טייל פון „פריינד", און סמילא מוז דער פלאץ זיין א באשרענקטער פאר אלגעמיינע ארטיקלען. דער רעפּארט ווערט אנגענומען און פריינד ביילין ווערט באדאנקט.

פריינד בעצאהלער גיט איבער צום נאציאנאלען פּרעזידענט, פר. ישורין, א זילבערנעם סעט מיט דעם עמבלעם פון א.־ר., אין נאמען פון דער נ. ב. א. ד., אלס מתנה צו זיין חתונה, וואס איז פארגעקומען מיט א קורצער צייט צוריק.

פריינד ארקין גיט איבער צו פריינד בעצאהלער, אין נאמען פון די דירעקטארען, א זילבערנעם בלומען־סטענד פאר זיין טאכטער, וועלכע האט מיט א קורצער צייט צוריק געהייראט.

ביידע מתנות זיינען געגעבען געווארען אומדערוואַרטעט. זיי באדאנקען די דירעקטארען מיט קורצע אבער איינדרוקספולע רעדען.

דערמיט שליסט זיך די דריטע זיצונג.

---

פערטע זיצונג, שבת, דעם 1־טען יאנואר, 10 א זייגער פארמיטאג, מיט א. פעלאוויטש, מערילאנד, אלס פארזיצענדער.

באריכט פון טשערמאן פון דער נאצ. עקז. קאם.

פריינד יעקב ישורין, נאציאנאלער טשערמאן פון דער נאצ. עקז קאם. ארבייטער־רינג, גיט אפּ זיין באריכט.

ער פאנגט אן מיט דעם, וואס ער איז צופרידען צו קענען צום יעצטיגען צוזאמענפאר באריכטען, ווייל יעצט קאן ער שוין אפּגעבען א באריכט פון א האלב יאר טעטיגקייט, ווערענד צום לעצטען צוזאמענפאר האט ער נאך ניט געקענט באריכטען פון ארבייט, וואס „איז" געטאן געווארען, נאר וואס מען „וועט" טאן.

די צוויי קאמפּיינס, וואס מען פירט יעצט אן: פאר 100 טויזענט מעמבערס ביז צו דער קאנווענשאן און פאר 75 טויזענד דאלאר פאר די מלחמה קרבנות, וועלען ניט זיין קיין פאלשטענדיגער ערפאלג, כאטש פון אנפאנג יאר האט מען געדענקט, אז די ביידע קאמפּיינס וועלען זיכער זיין אן ערפאלג. די אורזאך איז דער קריזיס און ארבייטלאזיגקייט, וואס הערשט איבער'ן לאנד און עס איז שווער יעצט צו זאמלען געלד. דאך האפט ער, אז אין די 5 מאנאטען צייט ביז דער קומענדער קאנווענשאן, קאן נאך פיל אויפגעטאן ווערען, ווייל לעצטען יאר זיינען אויך די מאנאטען יאנואר, פעברואר און מארץ געווען די בעסטע מאנאטען פאר די קאמפּיינס.

ער גיט דערנאך איבער אין איינצעלהייטען וועגען דעם וואוקס פון דער מיטגלידערשאפט: ענדע פון יאר 1919 איז די צאל מיטגלידער געווען 75,450 און ענדע פון יאר 1920 — 81,450. דאס איז א ריינער צואוואוקס אין 6 טויזענט מיטגלידער פאר דעם פארגאנגענעם יאר.

עס איז אמת, אז געגען אנדערע ארגאניזאציעס האט דער א.־ר. זעהר פיל אויפגעטאן אין פארגרעסערן די צאל פון מיטגלידער. ווערענד אנדערע ארגאניזאציעס האבען דעם יאר פארלארען מיטגלידער, האט דער אר. רינג נאך געוואונען א גרויסע צאל מיטגלידער. אויסנעמענדיג נאך אין אנבאטראכט, אז דאס איז געווען אין דעם יאר ווען די צאלונגען זיינען פארגרעסערט געווארען, צוליב די פּראפּאזיציאנאל רייטס, איז דאס געווים געווען אן ערפאלג. דאך געגען לעצטען יאר זיינען מיר געגאנגען ריקווערטס, ווייל לעצטען יאר האבען מיר אריינגענומען מיט אריבער 5 טויזענט מיטגלידער מער.

געשטראכען האבען זיך דעם יאר מער ווי פאריגען יאר. ווערענד אין דעם יאר 1919 זיינען געשטראכען געווארען 4712 מיטגלידער, וועלכעס מאכט אויס עטוואס מער ווי 6 פּראצענט, זיינען היינטיגס יאר געשטראכען געווארען 6,693, וואס מאכט אויס ארום 8 פּראצענט.

וואס אנבאלאנגט דער רעליף, געפינט זיך יעצט אין אפּיס $24,827.56, א סומע, וואס איז נאך גאנץ ווייט פון די 75 טויזענט דאלאר, וואס מען האט זיך אונטערנומען צו זאמלען.

דער צושטאנד פון די פאנדס איז זעהר א גוטער, מיט דער אויסנאם פון סאניטאריום אויפהאלטונגס־פאנד, וועלכער האט א דעפיציט פון אריבער 30 טויזענט דאלאר. דער סאניטאריום בילדינגס פאנד אבער האט אן איבערפלוס פון ארום 60 טויזענט דאלאר.

אין דעם אדמיניסטריישאן פאנד וועט זיין א קליינער דעפיציט דערפאר וואס עס האט געקאסט דעם יאר זעהר פיל צו קריגען טשארטערס אין פילע סטייטס.

לעצטענס האט מען אינוועסטעט אין באנדס ארום 870 טויזענט דאלאר. צוזאמען איז יעצט אינוועסטעט אין באנדס א מיליאן און דריי הונדערט טויזענט דאלאר.

די עקזעקוטיוו קאמיטע פירט אן איר ארבייט צו קריגען טשארטערס אין אלע סטייטס, און ביז יעצט האט דער א.־ר. טשארטערס אין 33 סטייטס פון די פאראייניגטע שטאטען און 5 פּראווינצען אין קענעדע.

ווען מען האט געמאכט אן אפּליקיישאן פאר א טשארטער אין סאוט קאראליינא, האט דער אינשורענס קאמישאנער געמאכט אן

פראגע, צי דער א. ר. וועט אריינגעמען שווארצע. עס איז אמת, אז אין א. ר. זיינען יעצט ניטא קיין מיטגלידער פון דער שווארצער ראסע, אבער עס וואלט געווען געגען גייסט פון א. ר., ווען מען ענט־פערט דעם אינשורענס קאמישאנער, אז מיר נעמען קיין שווארצע ניט אריין. און דער ענטפער איז געווען, אז אין א. ר. עקזיסטירט ניט קיין אונטערשיד אין ראסען. און צוליב דעם ענטפער האט דער אינ־שורענס דעפארטמענט פון יענעם סטייט ניט באוויליגט קיין טשארטער.

אין דער האום אפיס קאמיטע, וואס איז ערווייהלט געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן, האבען צוויי מיטגלידער רעזיגנירט. די עקזעקוטיוו קאמיטע האט ערווייהלט צוויי אנדערע מיטגלידער אין דער קאמיטע.

דער לעצטער רעפערענדום, וואס איז ארויסגעשיקט געווארען, זיינען אלע פונקטען אנגענומען געווארען, מיט דער אויסנאם פון העכערען דעם „פריינד" פאנד און די נייע פרינציפען־ערקלערונג, וועלכע איז נידערגעשטימט געווארען.

לויט דעם לעצטען רעפערענדום וועט מען האבען דאס רעכט אריינצונעמען ביים גרינדען א נייעם ברענטש איין מעמבער פון 45 ביז 50 יאר. דער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, האלט יעצט אין אויס־ארבייטען א טאבעלע ווי פיל די מיטגלידער וועלען דארפען צאלען.

ביים רעפערענדום איז דורכגעגאנגען, אז די קומענדע קאנווענ־שאן זאל פארקומען אין קענעדע, און די עקז. קאם. זאל אויסקלייבען די שטאט. עס איז געווען א פארלאנג פון צוויי שטעט אין קענעדע, וואס האבען געוואלט די קאנווענשאן — מאנטרעאל און טאראנטא. די עקז. קאם. האט באשלאסען, אז די קאנווענשאן זאל זיין אין טאראנטא, ווייל דארטען איז פאראן א לעבעדיגערע אידישע באוועגונג.

נאכדעם ווי ביי דער קאנווענשאן איז דורכגעגאנגען צו שטיצען די היברו אימיגראנט עיד סאסייעטי מיט 10 טויזענט דאלאר, האבען זיי זיך געווענדט צו דער עקזעקוטיוו מיט א פארלאנג צו קריגען דאס געלט גלייך, ווייל זיי בייטיגען זיך אין דעם, און כאטש עס וועט נעמען א יאר ביז וואנען דאס געלט וועט אריינקומען אין אפיס דורך דעם 15־סענטיגען טעקס א קווארטאל פאר יעדען מיטגליד, דאך האט די עקזעקוטיוו זיי דאס געלט גלייך אויסגעצאלט, זיך רעכענענדיג מיט די אומשטענדען.

אויך אויף דעם געזעלשאפטליכען געביט איז די עקז. קאם. געווען זעהר טעטיג און געהאלפען די ארבייט פון דער אמנעסטיע באוועגונג און האבען אויך געשיקט א פארטרעטער צו דער הירינג, וואס איז אפגעהאלטען געווארען פאר דעם יוסטיץ מיניסטער פאלמער.

די עקז. קאם. האט אויך געקראגען אן איינלאדונג פון דער ס. פ. צו שיקען א פארטרעטער אין א קאמיסיע, וואס זיי וועלען שיקען צו סאוויעט רוסלאנד. דאס איז פארבונדען מיט גרויסע אויס־גאבען, און די עקז. קאם. האט זיך פארלויפיג ענטזאגט.

דעם איינפלוס, וואס דער א. ר. האט אין אויסלאנד, האט באוויזען פאלגענדער פאקט: עס איז פארגעקומען א געוויסע מיספארשטענדניס פון די היברו אימיגראנט עיד סאסייעטי מיט זייערע אנגעשטעלטע אין יאקאהאמא און כארבין. די אנגעשטעלטע האבען זיך געווענדט מיט זייערע טענות צום א. ר.. די עקז. קאמיטע האט זיך געווענדט צו די אפיסערס פון דער היברו אימיגראנט עיד סאסייעטי, און דער סכסוך איז געשליכטעט געווארען

מיט א קורצער צייט צוריק האט די פיפעלס רעליף צוגעשיקט א צושריפט, אז זיי פאררופען א ספעציעלע קאנווענשאן, צו באשליסען, צי זאל מען זיך אפרייסען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אדער ניט. דער א. ר. איז געווען בארעכטיגט צו 15 דעלעגאטען.

די עקזעקוטיוו קאמיטע האט ערווייהלט 5 דעלעגטען פון דער עקז. און 10 דעלגאטען האבען זיי ערווייהלט די דירעקטארען פון די נע־הענטערע סטייטס, מיט אינסטרוקציעס צו שטימען ביי דער קאנווענשאן אז די פיפעלס רעליף זאל זיך אפרייסען פון דער „דזשאינט". צוויי פון די דירעקטארען האבען זיך ענטזאגט צו פארען צו דער קאנווענשאן, איינער דערפאר, וואס ער איז געווען געגען די אינסטרוקשאנס, און דער צווייטער, ווייל די צייט האט אים ניט ערלויבט. אויף זייער פלאץ זיינען אנדערע ערווייהלט געווארען.

דער רעפארט רופט ארויס ביי די דירעקטארען פילע פראגען און דעבאטען, איבערהויפט וועגען דער פראגע פון פיפעלס רעליף קאנ־ווענשאן. נאך א לאנגער דיסקוסיע ווערט דער רעפארט אנגענומען און פריינד ישורין ווערט באדאנקט.

פריינד ארקין, פענסילוואניא, און שולמאן, מעין, פארלאנגען, אז עס זאל פראטאקאלירט ווערען, אז זיי האבען געשטימט געגען גוט־הייסען די האנדלונג פון דער עקז. קאמיטע בנוגע די אינסטראקשאנס צו דער פיפעלס רעליף קאנווענשאן.

## ארגאניזאציאנס קאמיטע באריכט.

פריינד יודיטש, טשערמאן פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, גיט אפ זיין באריכט.

אין מאנאט אויגוסט און סעפטעמבער האט די ארגאניזאציאנס קאמיטע צוזאמענגערופען און ארגאניזירט פאר דער ארבייט 35 סיטי און דיסטריקט קאמיטעס איבער'ן לאנד.

אין פילע שטעט זיינען אפגעהאלטען געווארען גרויסע מאס־מיטינגען צו דער ערעפענונג פאר דעם קאמפיין פון נייע מיטגלידער. אין אנדערע שטעט זיינען די מאסען־פארזאמלונגען אויך דורכגעפירט געווארען מיט קאנצערטען.

זיי שיקען רעדנער, וואו עס איז נאר מעגליך. יעצט האבען זיי ארויסגעשיקט פאר א צוויי־וואכענדיגען טור אין קאליפארניא פריינד סיימאן פון לאס־אנדזשעלעס.

זיי שטרענגען זיך אן צו קריגען וואס מער פובליסיטי אין די צייטונגען. דאס איז אבער א שווערע זאך צו קריגען, און זיי דענקען אפצודינגען צוויי קאלומס אין „פארווערטס", וואו זיי וועלן קענען שרייבען ארטיקלען וועגען א. ר.

לעצטענס האט דער „פארווערטס" געדרוקט דריי ארטיקלען וועגען א. ר., געשריבען פון לאנג, ליליפוט און צביון.

זיי האבען אפגעדרוקט 20 טויזענט מעמאראנדום ביכלעך. אין די ביכלעך ווערט ערקלערט די פרינציפען פון א. ר.

פרעמיומס וועלען געגעבען ווערען צו די, וואס שלאגען פאר 5 מעמבערס. די פרעמיומס זיינען א פאונטען פען אדער א סעט ביכער.

ביי דער לעצטער קאנווענשאן איז געמאכט געווארען א מעות, וואס עס איז אויסגעלאזען געווארען צו העכערן דעם ארגאניזאציאן־בודזשעט אויף 5 סענט. די עקז. קאמיטע, זעהענדיג די נויטווענדיג־קייט פון אזא בודזשעט, האט ארויסגעשיקט א רעפערענדום און די מעמבערס האבען דעם טעקס גוטגעהייסען.

זיי איז אויסגעקומען צו שליכטען געוויסע סכסוכים אין בר. 475, אויך אין טאראנטא און מילוואקי, וואו די סיטי קאמיטעס האבען געגעבען פרייע דאקטאר־עקזאמינייש און נאכדעם געפאדערט די עקספענסעס פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע. די טאראנטאר אויסגאבען זיינען אויסגעצאלט געווארען, און מילוואקי האט מען דאס ענטזאגט.

די איטה פון קריזיס, וועלכער הערשט אין די ברענטשעס, שוואכט אפ די טעטיגקייט ביי פילע ברענטשעס. פילע ברענטשעס האט די ארג. קאמיטע אויפגעפאדערט צו רופען ספעשעל מיטינגען, וואו זיי האבען געשיקט פארטרעטער. אין אנדערע פלעצער האט מען צוזאמענ־גערופען די באאמטע און זיך דורכגערעדט ווי צו פארשטארקען די ברענטשעס.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראגען. דער רעפארט ווערט אנ־גענומען און פריינד יודיטש ווערט באדאנקט.

דערמיט שליסט זיך די פערטע זיצונג.

---

פינפטע זיצונג, שבת דעם 1טען יאנואר, צוויי א זייגער נאכ־מיטאג, מיט ט. דייווים, ווירדזשיניא, אלס פארזיצענדען.

## אפיס קאמיטע באריכט

פריינד אייבראמס, טשערמאן פון דער אפיס קאמיטע, באריכטעט:

די לעצטע צייט האט די יוניאן, צו וועלכער די אפיס־אנ־געשטעלטע באלאנגען, אריינגעשיקט א פאדערונג פאר א העכערונג אין שכירות צו אלע אנגעשטעלטע. מען האט זיי א טייל פון פאר־לאנג נאכגעגעבען.

דער אפיס איז זעהר ענג, און עס איז שווער פאר די אנגעשטעלטע צו ארבייטען. עס איז שוין אן אלטע פראגע. ער גלויבט, אז דער איינציגער וועג ווי אזוי צו שליכטען די פראגע איז צו בויען א האום־אפיס.

פילע ברענטשעס פלעגען בלייבען שולדיג ענדע קווארטאל מער ווי די 10 פראצענט, וואס איז זיי ערלויבט. ווען מען האט אונטער־זוכט די אורזאך דערפון, האט זיך ארויסגעצייגט, דאס פילע ברענטש־סעקרעטערע פארשטעהען ניט דעם סטייטמענט, וואס דער אפיס שיקט זיי צו ענדע פון קווארטאל צו די ברענטשעס.

זיי האבען דעריבער ארויסגעשיקט א צושריפט צו אלע ברענ־טשעס, צו זעהן צו ערוויילען קאמפעטענטע סעקרעטערע.

ביז וואנען מען האט איינגעפירט, אז די קענעדער ברענטשעס זאלען צאלען זייערע בילס אין א קענעדער בענק מיט קענעדער דא־לארס, זיינען די ברענטשעס פון קענעדע געבליבען שולדיג דעם אפיס געלד. צוליב דעם אונטערשיד אין קורס צווישען קענעדער און אמע־ריקאנער דאלארס. די ברענטשעס צייגען ניט ארויס, אז זיי וועלען די חובות באצאלען.

עס פאנגען זיך יעצט אן די פולע צאלונגען פון פראטוירנאל רייטס, און דער אפיס איז יעצט שטארק פארנומען מיט אויסארבייטען אלע איינצעלהייטען.

פילע פערטע קלאס מיטגלידער טראנספערירען זיך יעצט אין ערשטער און צווייטער קלאס, און דאס איז זעהר א שוועריגקייט צוליב די יארען, אין די צאלונגען, ווערענד פאר איין טייל אינשורענס באדארף דער מיטגליד צאלען לויט דעם יאר, וואס ער איז אריינגע־נומען געווארען אלס מיטגליד און פאר א צווייטען טייל — לויט די יארען, ווען ער האט זיך טראנספערירט פון איין קלאס צום צווייטען. דער אפיס ארבייט אויס אזוי, דאס די ברענטש־סעקרעטערע זאלען דערפון קיין שוועריגקייטען ניט האבען.

מען וועט אין גיכען אנפאנגען ארויינפירען אין קראפט די 1000־דאלארדיגע פאליסים.

אין פיעלע ברענטשעס קומען ארויס א סך מיספארשטענדניסען אין שטרייכען מיטגלידער מיט דעם פונקט אין דער קאנסטיטושאן, אז רעדזשיסטרירטע בריף זאלען ארויסגעשיקט ווערען 10 טעג בעפאר שטרייך אבענד. די אפיס קאמיטע רעקאמענדירט, אז די ווערטער „10 טעג" זאלען ארויסגענומען ווערען פון דער נייער קאנסטיטושאן.

דער עליס איילענד קאמישאנער האט אפגעלויקענט, אז ער שטעלט

פּראָגען צו מיטגלידער, וואָס קומען אָננעמען זייערע קרובים, אויב זיי זיינען מיטגלידער פון אַ. ר., ווי עס איז באַריכטעט געוועזן לעצטען מאָל.

ער גיט אויך איבער געוויסע סכסוכים, וואָס זיינען געשליכטעט געוואָרען אין די בראַנטשעס 128 און 417.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און פריינד אייבראַמס ווערט באַדאַנקט.

בענעפיט קאָמיטע באַריכט

פריינד יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָמיטע, באַריכטעט:

אין קראַנקען־בענעפיט פאָנד געפינט זיך יעצט איבער 100 טויזענט דאָלאַר סורפּלוס און זיי גיהן רעקאָמענדירען צו דער קומענדער קאָנווענשאַן, אַז די קראַנקען־בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען.

זיי האָבען אויסגעפונען, אַז 27 בראַנטשעס נעמען אַרויס מער קראַנקען־בענעפיט, ווי זיי צאָלען איין פאַר דעם פאָנד אין אַפּיס. צו איינציגע בראַנטשעס האָט מען געשיקט קאָמיטעס, און מען האָט אויסגעפונען, אַז פילע בראַנטשעס האָבען קיין קאָנטראָל ניט אויף זייערע מיטגלידער מיט די קראַנקען־בענעפיט. קיינע קאָמיטעס באַזוכען ניט די קראַנקע מיטגלידער, נאָר די סיק סערטיפיקייטס ווערען אונטערגעשריבען ביי בראַנטש־מיטינגען. מען האָט די בראַנטשעס אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין דער צוקונפט זאָלען זיי זיין מער פאָרזיכטיג מיט צאָלען בענעפיט.

די פינף טויזענד דאָלאַר, וואָס די לעצטע קאָנווענשאַן האָט באַוויליגט פאַר האָספּיטאַלס, זיינען צוטיילט געוואָרען צו איינציגע האָספּיטאַלס אין ניו־יאָרק און אויך אין די גרעסערע פּראָווינציעלע שטעט.

ווען אַ מיטגליד פון אַן אַנדער שטאָט ליגט קראַנק אין ניו־יאָרק, שיקט די בענעפיט קאָמיטע מיטגלידער צו באַזוכען דעם קראַנקען מיטגליד.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און פר. יאַקאָבי ווערט באַדאַנקט.

דערמיט שליסט זיך די פינפטע זיצונג.

---

זעקסטע זיצונג, זונטאָג, דעם 2טען יאַנואַר, 10 אַ זייגער פאַרמיטאָג, מיט ל. בענענסאָן, אילינאָאיז, אַלס פאָרזיצענדער.

דזשענעראַל סעקרעטערס באַריכט

פר. י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט:

ער ערקלערט, אַז אייגענטליך האָט זיך פאַר אים אָפּגעשטעלט גאַנץ ווייניג צו באַריכטען, ווייל דער רעפּאָרט פון די פאַרשידענע קאָמיטע־טשערליים האָבען שוין אַריינגענומען די גאַנצע אַרבייט, וואָס ווערט געטאָן פון אָפיס. ער וועט ניט ווידערהאָלען דאָס, וואָס עס איז שוין געזאָגט געוואָרען. ער וועט בלויז צוזעצען איינציגע זאַכען, וואָס איז פון די טשערליים אויסגעלאָזט געוואָרען.

ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם ענטפער, וואָס דער אינשורענס קאָמישאָנער פון ניו־יאָרק האָט געגעבען דעם אינשורענס קאָמישאָנער פון טעקסאַס, אויף זיין אָנפראַגע וואָס ער דענקט וועגען אַ. ר.

דער בריף פון אינשורענס קאָמישאָנער רעדט פאַר זיך אַליין. דער קאָמישאָנער רעקאָמענדירט, אַז דעם אַ. ר. זאָל געגעבען ווערען טשאַרטערס איבעראַל, ווייל דער אַ. ר. איז פינאַנציעל געזיכערט.

דער אָפיס האָט זיך אויך געווענדט צום אינשורענס קאָמישאָנער פון ניו־דזשוירזי, אַז אויך זיי זאָלען מאַכען אַן אונטערזוכונג וועגען צושטאַנד פון אַ. ר. און זייער רעפּאָרט איז נאָך אַ מער לויבענסווירדיגער ווי דער ניו־יאָרקער רעפּאָרט, און די מיטגלידער פון אַ. ר. מעגען זיך פילען שטאָלץ מיט זייער אָרגאַניזאַציע.

ער געהט איבער צו דער פראַגע פון קריגען נייע מיטגלידער. ער גלויבט, אַז די דירעקטאָרען קאָנען זעהר פיל אויפטאָן אויף דעם געביט אין זייערע סטייטס. עס איז אמת, אַז דער אַ. ר. האָט היינטיגס יאָר צוגעקראָגען פילע מיטגלידער, דאָך זיינען מיר שוין צוגעוואוינט פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, אַז דער אַ. ר. זאָל צוקריגען אַרום 10 טויזענט מיטגלידער יעדען יאָר, און אויב מיר וועלען דעם יאָר בלייבען הינטערשטעליג אויף דעם געביט, וועט דאָס מאַכען ניט קיין אָנגענעמען איינדרוק, און ער האָפט, אַז די דירעקטאָרען וועלען די ווערטער נעמען אין אָנבאַטראַכט.

עס מערקט אָן, אַז אין פילע בראַנטשעס ווערען מעמבערס געשטראָכען בלויז צוליב געוויסע עקשנות, און דאָס קאָן פאַרמידען ווערען, און די שטרייך־ליסט וואָלט פיל פאַרקלענערט געוואָרען.

די 1000־דאָלאַרדיגע פּאָליסעס האָט מען נאָך ניט געקענט אַריינפירען אין קראַפט צוליב דעם, וואָס דער טשאַרטער דאַרף אַמענדירט ווערען, און דער אינשורענס קאָמישאָנער דאַרף דאָס גוטהייסען.

מען רעדט שוין יעצט פון רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן איינצופירען פונקט ווי די אינשורענס קאָמפּאַניעס האָבען, אַן „עקסטענשאָן־ און אַ קעש סורענדער פּאָליסי“, צו וועלכע די מיטגלידער וועלכע לאָזען זיך שטרייכען זיינען לויט דעם יושר באַרעכטיגט.

ער גלויבט, אַז די קומענדע קאָנווענשאָן וועט מוזען אָננעמען אַ באַשלוס צו בויען אַ האָום־אָפיס, פון וואַנען די גאַנצע ביזנעס פון אַ. ר. זאָל אָנגעפירט ווערען. ער איז דאַגעגען בויען אַ גרויסען אַ. ר. לייסעאום, ווי מאַנכע ניו־יאָרקער מיטגלידער ווילען דאָס האָבען, וואָס אָנבאַלאַנגט אַן „אָלד אייודזש האָום“, דענקט ער, אַז עס איז אין דעם יעצטיגען מאָמענט ניט קיין נויטווענדיגקייט, ווייל אין גאַנצען געפינען זיך יעצט 15 מיטגלידער אין אַ. ר. עלטער פון 60 יאָר.

די קומענדע קאָנווענשאָן וועט זיך דאַרפען אַריינטראַכטען און צו זעהן, אַז אין די פאַרשידענע פאָנדס זאָלען קיין דעפיציטען ניט זיין, איבערהויפּט אין סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד, ווייל עס איז ניט קיין געזונטע פּאָליסי צו פירען געשעפטען מיט דעפיציטען, וועלכע מוזען סוף כל סוף פון די מיטגלידער געדעקט ווערען.

דער צושטאַנד פון קראַנקען־בענעפיט פאָנד איז אַן אויסגעצייכענטער. וועהרענד די מיטגלידערשאַפט האָט זיך פיל פאַרגרעסערט זייט 1913, האָט זיך אָבער די אויסצאָלונג פון קראַנקען־בענעפיט ניט פיל פאַרגרעסערט. אין 1918 פלעגט מען אויסצאָלען אַרום 88 טויזענט דאָלאַר אַ קוואַרטאַל, און יעצט כמעט דאָס זעלבע.

ער ענדיגט זיין רעפּאָרט מיט אַן אַפּיל צו די דירעקטאָרען, אַז זיי זאָלען העלפען מאַכען די צוויי קאַמפּיינס, וואָס ווערט יעצט אָנגעפירט, פאַר אַן ערפאָלג.

עס ווערען געשטעלט פילע פראַגען, וואָס ווערען פון אים געענטפערט.

דער רעפּאָרט ווערט אָנגענומען און פר. באַסקין ווערט באַדאַנקט.

---

לין, ניו־דזשוירזי, שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל זיך ווענדען צו דער נאַצ. עקז. קאָם., אַז זיי זאָלען באַוויליגען די סומע פון 125 דאָלאַר פאַר אַלע דירעקטאָרען פאַר ריילראָוד אויסגאַבען, אום זיי זאָלען קענען אַרויספאָרען אין פאַרשידענע שטעט צו באַריכטען וועגע זרי האַלביעהרליכע צוזאַמענפאָרען. פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען.

ריים, קאָנעקטיקוט, שלאָגט פאָר: אין פאַלס די עקזעקוטיוו קאָם. וועט באַוויליגען די ריילראָוד אויסגאַבען, זאָלען די דירעקטאָרען אַריינשיקען צום סעקרעטער פון דער נ. ב. אַ. ד. די אַדרעסען פון בראַנטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס, וועלכע זיי דענקען צו באַזוכען, און דער סעקרעטער זאָל שרייבען צו די בראַנטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס בריף, אויפפאָדערענדיג זיי צו רופען ספּעציעלע מיטינגען.

בעצאַהלער, ניו יאָרק: אַמענדירט, אַז ווען אַ דירעקטאָר קריגט אַן איינלאַדונג פון אַ בראַנטש אָדער דיסטריקט קאָמיטע, זאָל דער דירעקטאָר וועגען דעם לאָזען וויסען דעם סעקר. פון דער נ. ב. אַ. ד., וועלכער זאָל פאַר זיי אָרגאַניזירען מיטינגען.

אַמענדמענט פאַלט דורך, פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען. בעצאַהלער, ניו־יאָרק, פאָרלאַנגט, אַז עס זאָל פּראָטאָקאָלירט ווערען, אַז ער האָט געשטימט געגען פאָרשלאַג.

עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע באַריכט

פריינד פיינערמאַן, טשערמאַן פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע באַריכטעט:

די אַרבייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, זאָגט ער, ווערט צוטיילט אויף 4 אָפּטיילונגען: א) אַלגעמיינע עדיוקיישאָנאַל אַרבייט, ב) אַ. ר. שולען, ג) פאַרלאַג, און 4) „פריינד“.

ער באַריכטעט פון יעדער אָפּטיילונג באַזונדער.

א) אַלגעמיינע עדיוקיישאָנאַל אַרבייט.

גענ. אַ. ראַטמאַן, מיטגליד פון וואַרשאָווער שטאָט־ראַט, פאַנגט אָן אַ טור איבער'ן לאַנד, וואָס וועט זיין דער גרעסטער, וואָס איז נאָך ביז יעצט אָפּגעהאַלטען געוואָרען. ער וועט באַזוכען 64 שטעט איבער'ן לאַנד.

עס ווערט אויך אָרגאַניזירט אַ סעריע לעקטשורס אין 20 שטעט אַרום ניו־יאָרק.

עס ווערט אָפּגעהאַלטען לעקציעס אין פאָרומס צוזאַמען מיט קאָנצערטען פאַר די ניו־יאָרקער מיטגלידער. דער דורכשניטליכער באַזוך צו די פאָרומס איז זעהר אַ קליינער, אַרום 60 פּערזאָן, דאָך לוינט זיך דאָס אָנצוהאַלטען.

די קורסען צו אונטעררי‌כטען בראַנטש סעקרעטערע זיינען שוין ערעפענט. עס האָבען זיך פאַרשריבען אַ גרעסערע צאָל שילער ווי לעצטען יאָר.

דריי קאָנצערטען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען פאַר די ניו־יאָרקער מיטגלידער. מען האָט אויך געקראָגען הנחות פאַר די מיטגלידער וועלכע ווילען באַזוכען טעאַטערס און קאָנצערטען.

פילע ניו־יאָרקער מיטגלידער האָבען זיך אָפּגערופען, ווען עס איז אָנאָנסירט געוואָרען וועגען די ביליגע סקאָלערשיפּ אין ראַנד סקול. זיי באַזוכען די סקול רעגעלמעסיג.

עס איז אַ מאַנגעל צו קריגען לעקטשורערס אַרויסצופאָרען איבער'ן לאַנד. גענ. ראַטמאַנס טור וועט קאָסטען אַרום 7 הונדערט דאָלאַר. מען דענקט אויך צו אָרגאַניזירען אַ לעקטשור־טור ביז דער מיטעלוועסט. כמעט אין יעדער שטאָט געפינט זיך אַ סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. אין איינציגע שטעט אַרבייטען זיי געמיינשאַפטליך מיט די אַרמיגער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

לעצטענס שיקט אויך די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע לעקטשורער אין אַ. ר. סאַניטאַריום. די פּאַציענטען דריקען אויס אַ שטאַרק צופרידענהייט דערמיט.

ביז יעצט האָט דער אַ. ר. אָפיציעל קיינמאָל ניט אָנגענומען קיין אַ. ר. הימנע, כאָטש עס איז פאַראַן אַ הימנע, וואָס ווערט געזונגען פון די מיטגלידער.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אָסיגנירט אַ פּרייז פון 50 דאָלאַר פאַר יענעם, וואָס וועט אָנשרייבען אַן אַ. ר. הימנע, און וואָס וועט אָנגענומען ווערען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז יעצט פאַרבונדען מיט פאָלגענדע קולטורעלע אינסטיטוציעס און האָבען דאָרטען פאַרטרעטער: ראַנד סקול, לערער־סעמינאַר, יוניטעד לייבאָר עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, טאָגראַפישע קאָמיסיע, י. ל. פּרץ קולטור־רעליף און סאָשעליסט רעווי

ב) שולען.

ביז יעצט געפינען זיך איבער׳ן לאנד 40 א. ר. שולען. 60 לערער ווערען אין די שולען באשעפטיגט. אין פילע שטעט ווערען יעצט ארגאניזירט שולען.

די לערער־פראבלעם איז נאך ניט ערליידיגט, נאר פון אייראפא קומען יעצט אן פילע יונגע לייט, וועלכע זיינען פעהיג צו זיין לערער. איניגע קענען גלייך אריינגעהן אין א שולע, אנדערע ווידער ווערען געשיקט אין שולען, וואו ס׳זיינען פאראן לערער, כדי צו באבאכטען ווי די אלטע לערער געהען אן מיט דער ארבייט.

ארום 4 טויזענט קינדער לערנען זיך יעצט אין די שולען.

מען האט אויך ארגאניזירט א שול־קאמיסיע פון 5 פעדאגאגען, וואו אלע שול־פראבלעמען ווערען צו זיי איבערגעגעבען.

יעדע וואך ערשיינען צירקולארען, אויך מאנאטליכע באריכטען. ער (פיינערמאן) דענקט צו מאכען א טור איבער א רייע שולען און זעהן ווי דער אונטערריכט געהט דארט אן.

מען האט געמאכט א רעליף־וואך אין די אלע שולען פאר די אייראפעאישע קינדער־שולען. מען דענקט, אז דאס וועט אריינברענגען א היבשע סומע געלט.

ג) פארלאג.

עס זיינען שוין ערשינען די 7 ביכער: אריטמעטיק, זאאלאגיע, בעמיע, פאליטישע עקאנאמיע, פיזיאלאגיע, פיזישע ערציהונג, און קאאפעראציע. מען האט ארויסגעשיקט צו יעדען ברענטש א סעט אלס מוסטער.

פאלגענדע נייע ביכער זיינען אנגענומען געווארען און וועלען אין גיכען ערשיינען: „אוקראינע", פון פראפעסאר הפץ, „אנטאלאגיע", פון ש. ניגער, „בארימטע פרויען" פון דר. לוריע, „פאבלען" פון נחום י., „פילאזאפיע" פון דר זשיטלאווסקי, „ביאלאגיע" פון א. ש. זאקס, „געאלאגיע" פון דר. קאספע, און „פיזיאלאגיע" פון דר. מעריסאן

עס איז באשטימט געווארען אן אדווייזארי קאמיטע פון ש. ניגער, דר. פעסקין, מארים ווינטשעווסקי, דר. זשיטלאווסקי, דר. קאפעלסאן, דר. האפמאן און יצחק אייזיק הורוויטש, וועלכע זאלען אנטשיידען יעדען בוך, צי דער פארלאג זאל אים אננעמען.

דער פארלאג געהט אויך ארויסגעבען שפילען פאר קינדער, אידישע און רעוואלוציאנערע געשיכטע און א אידישע ברעסטאמאטיע. דעם 10טען יאנואר פאנגט אויך אן צו ערשיינען דער קינדער־זשורנאל אונטער׳ן נאמען „קינדערלאנד".

ד) וועגען „פריינד".

וועגען „פריינד" רעדט ער וועניג, ווייל דער רעדאקטאר, גענ. ביילין האט שוין וועגען אלץ באריכטעט. גענ. ביילין האט אבער פארגעסען צו באריכטען, אז אין ניו־יארק איז דער 10־יעריגער יובילעאום פון „פריינד" געפייערט געווארען מיט צוויי גרויסע קאנצערטען.

ער ענדיגט דערמיט, וואס די עדיוקיישאנאל ארבייט איז זעהר א שווערע און ספעציעל נאך מיט דעם בודזשעט, וואס מען גיט זיי, און זיי קענען ניט אנשטעלען מער ווי איין מענשען, וועלכער מוז באזארגען אלע אפטיילונגען. עס איז פאראן אזוי פיל ארבייט, אז וועגען שולען און פאר שולען מוז מען שרייבען אריבער 20 בריף א טאג.

ער פארגלייכט די ארבייט פון דער יעצטיגער עדיוקיישאנאל קאמיטע מיט דער פון עטליכע יאר צוריק, וואו די טעטיגקייט האט זיך זעהר פיל אנטוויקעלט.

די דירעקטארען שטעלען פילע פראגען וואס ווערען פארענטפערט. דער רעפארט ווערט אנגענומען און פריינד פיינרעמאן ווערט באדאנקט.

באריכטען פון סטייטס

א. ריבא, אנטאריא: צוויי נייע ברענטשעס זיינען לעצטענס אין טאראנטא ארגאניזירט געווארען. אין טאראנטא איז זעהר לעבעדיג צוליב דעם, וואס די קאנווענשאן וועט דארט פארקומען. מען האט רעארגאניזירט די סיטי קאמיטע און די ברענטשעס העלפען מיט אין דער ארבייט. מען האלט אין ארגאניזירען א ברעס־בענד און אויך א כאר. די מיטגלידער האבען זיך געטעקסט צו איין דאלאר א קווארטאל, אוועקצושטעלען די קינדער־שולען אויף א פעסטען באדען. זיי האבען א האספיטאל פאנד, צאלען אויך לאקאלע קראנקען־בענעפיט. זיי האפען, אז די קומענדע קאנווענשאן וועט העכערן דעם קראנקען־בענעפיט צו 10 דאלאר א וואך.

ס. שולמאן, מעין: עס הערשט א גרויסע הארמאניע צווישען די ברענטשעס און מיטגלידער אין מעין סטייט. די א. ר. ברענטשעס נעמען אן אקטיווען אנטייל אין יעדער געזעלשאפטליכער ארבייט. יעדער ברענטש ארבייט שטארק פאר דער רעליף פאר די מלחמה־קרבנות. די א. ר. ברענטשעס זיינען די איינציגע לעבעדיגע אידישע ארגאניזאציעס איבער׳ן סטייט.

א. פעלאוויטש, מערילאנד: די סיטי קאמיטע אין באלטימאר איז זעהר טעטיג. די צוויי קאמפיינס זיינער ערעפענט געווארען מיט א גרויסען קאנצערט, מיט פריינד אב. עפשטיין אלס רעדנער, און עס איז געוועזן א גרויסער ערפאלג. צוליב דעם קריזיס אין שניידער־טרייד איז שווער צו קריגען נייע מיטגלידער. די סיטי קאמיטע האט דורכגעפירט איניגע לעקטשורס און יעצט ארראנזשירט זי לעקטשורס און דיסקוסיעס ביי די ברענטש מיטינגען, וואס האט זיך ארויסגעצייגט פאר א גרויסען ערפאלג. די קינדער־שולע ווערט באזוכט פון ארום 100 קינדער טעגליך. מען האלט יעצט אין ארגאניזירען אן א. ר. כאר.

ב. דאקסער, מישיגען: דער קאמף, וואס איז פארגעקומען אין דער סאציאליסטישער פארטיי און האט געפונען דעם אפקלאנג אויך ביי די א. ר. ברענטשעס אין דעטראיט, איז יעצט א זאך פון דער פארגאנגענהייט, און די סיטי קאמיטע טוט ווירקליך גוטע ארבייט. לעצטענס האט מען ארראנזשירט א פרייען קאנצערט פאר די מיטגלידער און זיי האבען אויסגעדריקט זייער צופרידענהייט דערמיט. מען האט געגרינדעט א נייעם ברענטש אין לאנסינג, מיש., און מען האלט אין ארגאניזירען א קינדער־שולע, וועלכע וועט אין גיכען ערעפענט ווערען.

ה. שערמאן, ראוד איילאנד: די סטייט קאמיטע האט זיך אונטערנומען צו גרינדען אן א. ר. קינדער־שולע. עס איז צוליב דעם צוועק אפגעהאלטען געווארען א מאסמיטינג. די ברענטשעס האבען דאס זעהר ווארים אויפגענומען און זאגען צו פינאנציעלע שטיצע. אלע ברענטשעס ארבייטען שטארק פאר ביידע קאמפיינס. די ברענטשעס 110 און 251 האבען געטעקסט זייערע מיטגלידער צו 1 דאלאר פאר די מלחמה־קרבנות. בר. 110 פירט דורך אן אונטערנעמונג פאר אן אייגענער היים. בר. 522 האט געהאט א שיינע אונטערנעמונג צו זייער 5־יעריגען יובילייאום. זיי האבען דארט געזאמעלט געלט פאר די אייראפעאישע שריפטשטעלער און פאר דער א. ר. שולע. ביי דער אונטערנעמונג זיינען אויך פארגעשלאגען געווארען 7 נייע מעמבערס.

ט. דייוויס, ווירזשיניא: די ארבייט פון די ברענטשעס איבער׳ן סטייט אויסער נארפאלק איז אים אומבאקאנט, ווייל ער האט ניט די געלעגענהייט זיי צו באזוכען. ער האט אבער ערפארען, אז די ברענטשעס 813 און 365 זיינען טעטיג אין ביידע קאמפיינס. וואס אנבאלאנגט נארפאלק, איז דער מעמבערשיפ קאמפיין דערוויייל שוואך. זיי האבער געהאט אן אונטערנעמונג מיט חזן הערשמאן און די „זמרה" און האבען געמאכט א פראפיט פון 13 הונדערט דאלאר פאר די מלחמה־קרבנות. אויסער א פינאנציעלען ערפאלג, איז דאס אויך געוועזן א מאראלישער ערפאלג. מיט א קורצער צייט צוריק האט מען געעפענט א קינדער־שולע, וואס האט זיך ארויסגעצייגט פאר א גרויסען ערפאלג א דאנק דער אומערמידליכער ארבייט פון פריינד פעליד.

ל. ארקין, פענסילווייניע: די סיטי קאמיטע אין פילאדעלפיא ארבייט זעהר ענערגיש דורכצופירען ביידע קאמפיינס. מען האט געגרינדעט צוויי א. ר. שולען, וועלכע זיינען אן ערפאלג וואס אנבאלאנגט פיטסבורג, האט די דיסטריקט קאמיטע דארט געגרינדעט צוויי נייע ברענטשעס און האלט יעצט אין ארגאניזירען א דריטען ברענטש. מען האט געעפענט א טעגליכע קינדער־שולע מיט גענ. וו. באום אלס לערער.

(צוליב מאנגעל אין צייט האבען די איבעריגע דירעקטארען געדארפט צושיקען זייערע רעפארטס. ווען דיזער רעפארט ווערט געשריבען, האבען מיר דאס נאך ניט דערהאלטען, און זיי וועלען מיר מוזען אנטשולדיגען. ל. א.)

ל. ארקין, פענסילווייניע, שלאגט פאר, אז דעם אפיל פון וו. ליבין, מיטגליד פון בר. 206, זאל מען צוריקווייזען, ווייל דער אפעלאנט איז ניט געקומען ערקלערען זיין אפיל נאכדעם ווי ער איז אויפגעפאדערט געווארען צוויי מאל צו קומען. פארשלאג ווערט אנגענומען.

רעקאמענדיישאנס צו דער קאנווענשאן

1) רייס, קאנעקטיקוט: רעקאמענדירט, אז די דירעקטארען זאלען שיקען צוויי דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. רעקאמענדיישאן ווערט אנגענומען.

2) ארקין, פענסילווייניע: אז דער פונקט אין דער קאנסטיטושאן פון רופען ספעציעלע מיטינגען פון דער נ. ב. א. ד. זאל געענדערט ווערען אזוי, דאס דער סעקרעטער זאל קענען רופען א ספעציעלען מיטינג בלויז מיט דער צושטימונג פון א מאיאריטעט פון די דירעקטארען רעקאמענדיישאן ווערט אנגענומען.

3) בעצאהלער, ניו־יארק: רעקאמענדירט, דאס די נ. ב. א. ד. זאל אינדארסירען דעם פלאן פון בויען א חאום־אפיס און מען זאל גלייך אנפאנגען צו זאמלען געלט פאר אן אלד אוידזש האום. די רעקאמענדיישאן ווערט אנגענומען.

4) ריבא, אנטאריא: רעקאמענדירט, דאס די נ. ב. א. ד. זאל אינדארסירען די רעקאמענדיישאן פון דער בענעפיט קאמיטע צו העכערן דעם קראנקען־בענעפיט, און אויב די בענעפיט קאמיטע ברענגט ניט אזא רעקאמענדיישאן צו דער קאנווענשאן, זאל דאס די נ. ב. א. ד. טאן. די רעקאמענדיישאן ווערט אנגענומען.

מען נעמט פאר וואהל פאר דעלעגאט צו דער קאנווענשאן. עס ווערט נאמינירט ל. ארקין, פענסילווייניע, און ווערט איינשטימיג ערוויילט.

פאר א סאבסטיטוט ווערען נאמינירט בעצאהלער, ניו־יארק; רייס, קאנעטיקוט; לין, ניו־דזשוירזי, און וויניצקי, אהייא. עס נעמען אן בעצאהלער און וויניצקי. מיט 8 שטימען געגען 3 ווערט בעצאהלער ערוויילט.

אלס סאניטאריום באזוכגס קאמיטע ווערען ערוויילט 8 דירעקטארען: שולמאן, מעין; ריבא, אנטאריא, און דאקסער, מישיגען.

דערמיט שליסט זיך די זעקסטע זיצונג און אויך דער דריטער צוזאמענפאר.

ל. ארקין, סעקרעטער.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער־רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 9־טען יאַנואַר, אום 10.30 פריה, מיט פר. י. ישורין אלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 386 — זיי בעטען צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אין באַצוג דעם עקסטרא אַסעסמענט פון 20 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל. עס ווערט באַשלאָסען צו ענטפערן זיי, אַז מיר האָבען שוין וועגען דעם געהאַנדעלט און בעאויפטראַגט דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט צו רופען אַ קאָנפערענץ פון די ברענטשעס, וואָס זיינען אַן זייער דעפּאַרטמענט אַנגעשלאָסען, און די קאָנפערענץ זאָל אַנגעמען אַן ענטגילטיגען באַשלוס וועגען דעם.

פון בר. 895 — זיי לאַדען איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער 8־יעריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 13טען פעברואַר. באַשלאָסען צו באַדאַנקען זיי פאַר דער איינלאַדונג און בעטען דעם דירעקטאָר פון אילינאָי סטייט, פריינד ל. בענענסאָן, צו זיין דאָרט פאַרטראַטען.

פון בר. 6 — זיי לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו זייער 20־יעריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 16טען יאַנואַר. ערוועהלט פריינדע מאַנדעל און אייבראַמס.

## באריכטען

פריינד שפּייער באַריכטעט, אַז ער איז געוועזן פאַרטראַטען ביי בר. 224 און האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. זיי האָבען געהאַט אַ שיינעם באַנקעט און קאָנצערט. זיי האָבען דאַמאַלס קאָלעקטירט אַרום 60 דאָלאַר פאַר'ן רעליעף, און פאַרשפּרעכען צו שיקען אין אָפּיס 100 דאָלאַר פאַר אונזער רעליעף־פאָנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. י. ב. ביילין באַריכטעט, אַז ער איז געוועזן ביי דער ערעפענונג פון דעם לייבאָר לייסעאום אין ראָזועל, נ. דזש. די אונטערנעמונג איז געוועזן זעהר אַ שיינע, און עס האָט זיך געפילט אַ הייליגע איבערגעבענהייט פאַר דער אונטערנעמונג צווישען די מענשען, וועלכע האָבען אָפּגעגעבען זייער גאַנצע פרייע צייט און אויפגעבויט דעם לייבאָר לייסעאום דורך זייער אייגענער פרייוויליגער אַרבייט. עס איז אויפ'ן פּלאַץ געזאַמעלט געוואָרען אַרום 500 דאָלאַר פאַר'ן לייבאָר לייסעאום. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

ער איז אויך געוועזן פאַרטראַטען ביי דער אונטערנעמונג, וואָס בר. 189 האָט אַראַנזשירט, צו פייערן די ווידער־ערשיינונג פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע". זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַלטמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געוועזן פאַרטראַטען ביי בר. 566 און זיי באַגריסט צו זייער יובילעאום. זיי האָבען קאָלעקטירט אַ סומע פאַר'ן רעליעף און פאַרשפּראָכען דאָס נאָכהער צו שיקען אין גענעראַל אָפּיס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. וואָלבערג באַריכטעט, אַז זייענדיג באַאויפטראַגט פון אָפּיס, איז ער געוועזן פאַרטראַטען ביי דעם 15־יעריגען יובילעאום פון בר. 100 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען ביידע קאַמפּיינס. ביי דער געלעגענהייט האָט ער פּרעזענטירט 2 פאָונטען־פּענס צו די מיטגלידער, וועלכע האָבען געקראָגען פון אָפּיס די פּרעמיומס אַלס אַנערקענונג פאַר זייער אַרבייט אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. דער ברענטש האָט זיך געטעקסט צו 1 דאָלאַר פער מעמבער פאַר אונזער רעליעף־פאָנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. הערמאַן באַריכטעט, אַז צום מעמאָריאַל מיטינג פון מאַקס פּערלאָוויץ זיינען געוועזן 6 מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו. פריינד העסקעל האָט גערעדט אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו ביים אויפדעקען פון דער מצבה. פר. ליטאָוער ערקלערט, אַז ביי דעם מעמאָריאַל מיטינג, אין „פאָרווערטס" האָל, האָבען גערעדט אין נאָמען פון אַרבייטער־רינג פריינדע עבעריל און י. ב. ביילין. ער פרעגט, ווי אַזוי קומט וואָס דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו איז ניט געוועזן איינער פון די צו אַדרעסירען דעם מעמאָריאַל מיטינג. פר. ישורין ערקלערט, אַז ער האָט ניט געקראָגען קיין איינלאַדונג, און פאָלגליך האָט ער דעם מעמאָריאַל מיטינג ניט אַדרעסירט.

פר. מאָלאַט באַריכטעט, אַז אַלע 5 נאַציאָנאַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו זיינען געוועזן פאַרטראַטען ביים כאָיר לאָנדאָן באַנקעט. ער דריקט אויס אומצופרידענהייט דערמיט, וואָס מען האָט קיינעם פון אַרבייטער־רינג ניט געגעבען די מעגליכקייט צו אַדרעסירען, אַבוואָהל אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען דאָרט געוועזן פאַרטראַטען, האָבען יאָ געהאַט דאָס וואָרט.

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט געהאַט אַ מיטינג, וואו עס זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען איניגע פראַגען בנוגע די אַראַנזשמענטס פון דער קאָנווענשאָן. פר. באַסקין, וועלכער איז געוואָרען אין טאָראָנטאָ, איז באַאויפטראַגט געוואָרען צו האָבען אַ מיטינג מיט דער דאָרטיגער קאָנווענשאָן קאָמיטע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. מאַנדעל באַריכטעט, אַז פר. הערמאַן און ער זיינען געוועזן פאַרטראַטען ביים באַנקעט פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. ס'זיינען אויך געוועזן פאַרטרעטער פון די 2 לאָקאַלס פון דער בעקערי יוניאָן, פון דער פּעטערסאָנער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, פון די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען אין ניו־יאָרק און פון פיל ברענטשעס, וועלכע האָבען זיך שוין אַנגעשלאָסען אַן דער אַרבייטער־רינג קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. די שטימונג ביים באַנקעט איז געוועזן זעהר אַ יום־טוב'דיגע, און ס'איז אויפ'ן פּלאַץ געשאָפען געוואָרען איבער 3000 דאָלאַר פון ברענטשעס און זאַיינצעלנע מיטגלידער, וועלכע האָבען געקויפט שערס פון דער אַ.־ר. קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. פר. הערמאַן האָט באַגריסט די אַנוועזענדע אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו. באַריכט ווערט גוטגעהייסען

פר. בערנשטיין באַריכטעט, אַז ער איז געוועזן פאַרטראַטען ביי דער קאָנפערענץ וועגען דעם אַרבייטער־רינג הויז. ס'זיינען געוועזן פאַרטראַטען 101 ברענטשעס, 8 מיטגלידער פון דער נאַצ. עקז. און 2 פאַרטרעטער פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָממיטע. אויפ'ן טאָגעס־אָרדנונג זיינען געשטאַנען פאָלגענדע צוויי פראַגען: 1) בויען אַן אייגענע היים פאַר'ן אַרבייטער־רינג, וואו עס זאָל זיך געפינען דער דזשענעראַל אָפּיס און, אויב מעגליך, אויך מיטינג־לאָקאַלס פאַר די ברענטשעס; 2) בויען אַ היים פאַר די עלטערע מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג. די קאָנפערענץ איז גערופען געוואָרען אום צו באַראַטען זיך מיט די ברענטשעס וועגען די צוויי פראַגען און אויסגעפינען זייער סענטימענט וועגען דעם. די מערסטע דעלעגאַטען האָבען גערעדט פאַר בויען אַן אַרבייטער־רינג הויז, וואָס זאָל זיין פּאַסענד פאַר אַ היים פון גענעראַל־אָפּיס. וועגען דער פראַגע פון אַ היים פאַר די עלטערע מיטגלידער איז כמעט קיין מיינונגס־פאַרשידענהייטען ניט געוועזן. אַלע דעלעגאַטען זיינען געוועזן איינשטימיג, אַז עס דאַרף געשאַפען ווערען אַ פאָנד אויפצובויען אַזאַ היים, וואו די מיטגלידער, וועלכע ווערען אַלט און קאָנען זיך ניט אַליין ערנערען, זאָלען פאַרזאָרגט ווערען אויף אַ ברידערליכען אופן אויף דער איבריגער צייט פון זייער לעבען. קיין באַשלוסען זיינען וועגען די פראַגען ניט אָנגענומען געוואָרען, נאָר עס איז געוועזן די פאַרשטענדניס, אַז אַ גינסטיגער רעפּאָרט פון די צוויי פראַגען זאָל געבראַכט ווערען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַלטמאַן באַריכטעט, אַז די רעליעף קאָמיטע האָט געמיטעט און האָט פאַרהאַנדעלט וועגען דער פראַגע ווי אויפצומונטערן די ברענטשעס פאַר ווייטערדיגער רעליעף־טעטיגקייט.

אין נואַרק וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אַ מיטינג אין פאַרבינדונג מיט אונזער רעליעף קאַמפּיין. פר. אַלפערט וועט דאָרט זיין פאַרטראַטען. אַן ענליכער מיטינג ווערט אויך גערופען אין פילאַדעלפיא, וואו פר. דינערשטיין וועט זיין פאַרטראַטען. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר גאָליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער, גיט איבער אַ רעפּאָרט וועגען דעם צושטאַנד פון אַלע פאָנדס פון דעם ערשטען יאַנואַר 1920 ביז דעם ערשטען יאַנואַר 1921:

דער קאָנווענשאָן־פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון $7,390.96, אָבער די איינצאָלונג צו דעם פאָנד פאַר די קומענדע צוויי קוואַרטאַלען ביז דער קאָנווענשאָן וועט אַריינברענגען אַרום 18,000 דאָלאַר.

דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון $2,291.88. די געוויינליכע צאָלונג פאַר'ן פאָנד, און דער ספּעשעל אַסעסמענט פון 5 סענט, וואָס וועט אַרויף אויף די בילס פון דעם 82טען קוואַרטאַל, וועלען דעקען דעם דעפּיציט.

דער קאָנסאָמפּשאָן־בענעפיט־פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון $47,347.41 צום ערשטען יאַנואַר 1920 האָט דער פאָנד געהאַט אַ סורפּלוס פון $37,679.06.

דער קראַנקען־בענעפיט־פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון $91,984.04. דער קראַנקען־בענעפיט רעזערוו פאָנד באַטרעפט $12,534.78, דאָס הייסט, אַז דער בענעפיט סורפּלוס פון דעם פאָנד איז $104,518.82. צום ערשטען יאַנואַר 1920 האָט דער סורפּלוס פון קראַנקען־בענעפיט־פאָנד באַטראָפען בלויז $46,975.43.

דער אַדמיניסטריישאָן־פאָנד האָט אַ דעפּעציט פון $6,497.96. דער דאָזיגער דעפּיציט שטאַמט דערפון, וואָס אַ היבשע סומע איז דעם יאָר אויסגעגעבען געוואָרען אויף לעגאַלע אַרבייט אין די פאַרשידענע סטייטס, און אויך וואָס די שכירות פון די אַנגעשטעלטע זיינען אין פאַרלויף פון לעצטען יאָר געהעכערט געוואָרען.

דער „פריינד"־פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון $3,274.73, אָבער ס'איז פאַראַן פּאַפּיר, וואָס באַטרעפט אַרום 2,500 דאָלאַר.

דער עדיוקיישאָנאַל־פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון $2,278.05. דער דעפּיציט פון עדיוקיישאָנאַל־פאָנד ציהט זיך שוין פון עטליכע יאָר,

און נאך צום ערשטען יאנואר 1920 האט דער פאנד געהאט א דעפיציט פון $1,958.35.

דער ארבייטער־רינג קינדער־שול פאנד האט א סורפלוס פון $1,269.23.

דער פאנד, וואס איז פארבליבען פאר דעקען די דיוס פון די גע־דראפטעטע מעמבערס, באטרעפט $9,040.18.

דער סאניטאריום־אויפהאלטונגס־פאנד האט א דעפיציט פון $36,136.58. צום ערשטען יאנואר 1920 האט דער פאנד געהאט א דעפיציט פון $10,118.50. דער דעפיציט אין דעם פאנד איז געוואק־סען הויפטזעכליך א דאנק דעם אלגעמיינעם יקרות אויף לעבענסמיטלען און אנדערע ארטיקלען, וועלכע זיינען נייטיג פאר'ן סאניטאריום.

דער סאניטאריום־בילדינגס־פאנד האט א סורפלוס פון $60,553.73.

דער רעליעף־פאנד באטרעפט $24,827.56. פון דעם ערשטען מאי ביז דעם 31טען דעצעמבער איז אריינגעקומען אין אפיס פאר דעם פאנד 23,800 דאלאר. צום ערשטען יאנואר איז אין רעליעף־פאנד געווען $26,680.49. אין פארלויף פון יאר 1920 איז אריינגעקומען $68,213.29. סך־הכל $98,893.78. פון דער סומע איז איבערגעגעבען געווארען צו דער פיפעלס רעליעף א טשעק אויף 50 טויזענט דאלאר, און $19,066.22 צו פארשידענע לאנדסמאנשאפט ברענטשעס, וועלכע האבען געוואלט די געלדער שיקען דירעקט אין זייער אלטער חיים.

דער רעזערוו־פאנד האט א סורפלוס פון $376,634.82. צום ער־שטען יאנואר 1920 האט דער רעזערוו־פאנד באטראפען $284,038.30. דאס הייסט, אז אין פארלויף פון דעם יאר איז דער סורפלוס גע־וואקסען אויף $92,596.02.

דער טויטען־בענעפיט־פאנד האט א סורפלוס פון $157,828.27. צום ערשטען יאנואר 1920 האט דער סורפלוס פון דעם פאנד באטראפען $79,588.87. דאס ציינט, אז אין יאר 1920 האט דער פאנד כמעט ווי פארטאפעלט זיין סורפלוס. אין פארלויף פון יאר 1920 זיינען גע־שטארבען 346 מיטגלידער, פאר וועמען עס איז אויסגעצאלט געווארען טויטען־בענעפיט 99,800 דאלאר. פר. געליעבטער דייטעט אן, אז אין יאר 1919 זיינען אויך געשטארבען 346 מיטגלידער, פאר וועלכע עס איז אויסגעצאלט געווארען טויטען־בענעפיט $99,100. ער זאגט, אז אין פארלויף פון דעם יאר איז אונזער מיטגלידערשאפט געוואקסען, און אויב די צאל געשטארבענע איז די זעלבע וואס לעצטען יאר, זיינען די טויטען־פאלען פראפארציאנעל קלענער ווי אין לעצטען יאר.

אונזערע מארטגעדזשעס פון דער „טייטעל גאראנטי קאמפאני" באטרעפען 102,500 דאלאר. באנדס האבען מיר אויף דער סומע פון 1,202,200 דאלאר.

די מיטגלידערשאפט איז צום ערשטען יאנואר 1921 געווען ארום 81,450 (די גענויע צאל קאן נים אנגעגעבען ווערען, ווייל עס זיינען נאך נים אריינגעצויגען געווארען אין די ביכער אלע ריאינסטייטעטע מיטגלידער). צום ערשטען יאנואר 1919 איז די מיטגלידערשאפט געווען 75,450. אין פארלויף פון 1919 זיינען צוגעקומען 11,812 נייע מיטגלידער. אין פארלויף פון 1920 זיינען צוגעקומען 6,000 נייע מיטגלידער.

פון מיזורי סטייט איז געסטערן אנגעקומען א טעלעגראם, אין וועלכער זיי פרעגען אן ווען דער מיטינג פון דער נאצ. באארד אוו ד. וועט געהאלטען ווערען. פר. געליעבטער ערקלערט, אז ער האט זיי געענטפערט, אז דער האלב־יערליכער מיטינג פון דער נאצ. ב. אף ד. איז שוין אפגעהאלטען געווארען; נאר אויב זייער סטייט וויל האבען א פארטרעטער צו דער נ. ב. אף ד., צו וואס זיי זיינען בארעכטיגט, זאלען זיי זיך ווענדען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו, וועלכע וועט ווענען דעם האנדלען.

דער ניו־דזשוירזי אינשורענס דעפארטמענט האט צוגעשיקט א רעפארט נאכדעם ווי זיי האבען אונטערזוכט אונזערע ביכער. אין דעם רעפארט לויבען זיי שטארק די פירונג פון ארבייטער־רינג און די פינקטליכקייט, מיט וועלכע די געשעפטען ווערען געפירט.

ער דייטעט אן, אז עס דארפען יעצט אויסגעארבייט ווערען די טעריטאריען־קאנפערענצען, און אז יעדען יאר פלעגט דאס איבערגע־געבען ווערען צו דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען די פראגע צו דער נאציאנאלער אר־גאניזאציאנס קאמיטע מיט „פול פאוער".

פר. געליעבטער ערקלערט, אז פר. באסקין איז אוועקגעפארען אין קענעדא, לויט דעם באשלוס פון דער נאצ. עקז. קאמיטע.

נאכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איייניגע פראגען, ווערט דער רעפארט גוטגעהייסען.

פר. באסקין און פר. געליעבטער ווערען ווידער־ערוועהלט.

פר. יאקאבי באריכטעט פון דער סעקרעטער נאמינייטשאן קאמיטע. ער ערקלערט, אז זיי האבען זיך דורכגערעדט מיט פר. באסקין און פר. געליעבטער. אויף זייער רעקאמענדיישאן ווערען פר. באסקין, דזשע־נעראל סעקרעטער, און פר. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער, ווידער־ערוועהלט אויף א יאר צייט.

## וועגען דעם סכסוך צווישען בר. 87 און דעם סעמעטערי דעפ.

מיס ר. עש און א. גאלדין, פון סעמעטערי דעפארטמענט, ער־קלערען, אז זיי זיינען צופרידען דאס די פראגע זאל געשליכטעט ווערען דורך דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו. (פאר אייכצעלהייטען וועגען דער פראגע, זעה פראטאקאל פון לעצטען מיטינג). זיי זאגען, אז דער פאר־שטארבענער מיטגליד פון בר. 87 איז אויך געווען א מיטגליד פון סע־מעטערי דעפארטמענט. זייער דעפארטמענט האט דארום באשלאסען צו מאכען די אונטערנעמונג, ווייל פון די פאנדס פון סעמעטערי דעפארט־מענט קאנען זיי קיין געלט נים ארויסנעמען פאר שטיצע. זיי האבען גערופען אלע קאמיטעס פון סעמעטערי דעפארטמענט און עס איז דאן פארשטאנען געווארען, אז די טעאטער־אונטערנעמונג איז די אונטער־נעמונג פון דעפארטמענט. ווען בר. 87 האט פארגעשלאגען צו בא־צאלען 80 דאלאר פער הונדערט פאר די טיקעטס, וואס זיי האבען גע־נומען, האט מען דעם ברענטש ערקלערט, אז זיי קאנען דאס נים ער־לויבען, ווייל ס'זיינען געווען אויסגאבען אויסער דער סומע, וואס מען האט באצאלט פאר די טיקעטס, ווי אדווערטייזמענטס, פאסטעדזש א. ד. ג., און אויב דער ברענטש זאל ארונטערנעמען דעם דאזיגען פאר־לאנגטען פראצענט, וואלט געווען א דעפיציט אין דער אונטערנעמונג, און דער סעמעטערי דעפארטמענט וואלט אויף אזא אופן דארפען ליידען. דער ברענטש האט זיי פארשפראכען צו באצאלען די פולע סומע פאר די טיקעטס, חוץ פאר יענע טיקעטס, וואס מעמבערס וועלען צו זיי צוריקשיקען. זיי זיינען אויף אזא אופן שולדיג געבליבען פאר טיקעטס ארום 241 דאלאר.

דר. סילווערבערג, דער פארטרעטער פון ברענטש, זאגט, אז די אונטערנעמונג איז נים געווען פון סעמעטערי דעפארטמענט, פאלגליך האבען זיי נים געטארט שטרייכען דעם ברענטש. זיי פארלאנגען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל זעהן, אז דער סעמעטערי דעפארטמענט זאל דעם ברענטש גלייך ריאינסטייטען, ווייל זיי האבען נים געהאט קיין אורזאך צו שטרייכען דעם ברענטש. זיי בעטען, אז די עקזעקוטיוו זאל ענטשיידען צי דער סעמעטערי דעפארטמענט האט געהאט א געזעצ־ליכע און מאראלע רעכט אזוי צו האנדלען. נאך א לענגערער דעבאטע ווערט באשלאסען צו ערקלערען ביידע צדדים, אז די נאציאנאלע עקזע־קוטיוו איז מיט דער מיינונג, דאס דער סעמעטערי דעפארטמענט איז נים געווען גערעכט אין אויסשליסען דעם ברענטש, אבער בר. 87 האט געדארפט באצאלען די גאנצע סומע פאר די טיקעטס, אויך בעטען דעם סעמעטערי דעפארטמענט גלייך צו ריאינסטייטען דעם ברענטש און באאויפטראגען דעם ברענטש איינצוצאלען דעם חוב.

---

פר. גאלדין, פון מעדיקאל דעפארטמענט, מעלדעט, אז לויט דער ענטשיידונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו האט זייער דעפארטמענט גערופען א קאנפערענץ אויף שבת אווענט, דעם 29טען יאנואר, צו פארהאנדלען די פראגע וועגען דעם עקסטרא 20־סענטיגען טעקס.

## קאמיטעס

פון דער „פרייער ארבייטער שטימע" — פר. מינץ ערקלערט, אז צוליב דער ווידעררשיינונג פון דער „פרייער ארבייטער שטימע" איז ארגאנזשירט געווארען א באנקעט אויף דעם 16טען ד. מ. זיי גלויבען, אז זייער שמחה וועט נים זיין פארפולט אויב דער ארבייטער־רינג וועט נים זיין פארטראטען. זיי בעטען דארום צו שיקען א פארטרעטער צו דעם צוזאמענקונפט. עס ווערט באשלאסען צו שיקען 3 פארטרעטער. ערוועהלט פריינדע העסקעל, נעכאמקין און ראזענבלאט.

פון דער ארבייטער־רינג הויז־קאמיטע — פר. לעווימאן און קלופט ערקלערען, אז זיי האבען געהאט א קאנפערענץ מיט בילדינג קאנטראקטארס וועגען אויסארבייטען גענויע פלענער פאר אן ארבייטער־רינג הויז. אום צו האבען א גענויען באגריף מיט וויפיל אויס־גאבען דאס איז פארבונדען, דארפען זיי האבען דריי פלענער:

1) פאר א היים־אפיס.

2) פאר א היים־אפיס, וואס זאל אויך האבען א האל פאר מי־טינגען און אונטערנעמונגען פאר אומגעפער 15 הונדערט אדער 18 הונדערט מענשען.

3) פאר א היים־אפיס מיט אן אודיטאריום און מיט מיטינג־רומס פאר אונזערע ברענטשעס.

די פלענער וועלען דארפען קאסטען ארום 100 דאלאר, און זיי בעטען די עקזעקוטיוו צו באווילינען די סומע. פר. קלופט זאגט, אז אויב די פלענער וועלען צייגען, אז מען קען דורכפירען צו בויען אן ארבייטער־רינג הויז, וואס זאל ענטהאלטען אויך אן אודיטאריום און מיטינג־לאקאלס פאר ברענטשעס, דענקט זייער קאמיטע צו רופען קאנ־פערענצען אין די נעהענטערע שטעט ארום ניו־יארק, צו פאראינטע־רעסירען די דארטיגע ברענטשעס אין דער פראגע.

דער טשערמאן, פר. ישורין, ערקלערט, אז די קאנווענשאן האט באאויפטראגט די ארבייטער־רינגהויז־קאמיטע בלויז אויסצוארבייטען פלענער און רעפארטען צו דער קומענדער קאנווענשאן, אבער נים אגי־טירען צווישען די ברענטשעס פאר אירגענד וועלכען פלאן, וואס טעג שיינען צו זיי דער גינסטיגער.

פון בר. 477 — פר. א. פאלאנסקי ציינט א פראכטפולען סעמפעל פון א געשניצטען ארבייטער־רינג עמבלעם, וואס ער וויל פארקויפען צווישען די ברענטשעס. ער בעט, אז די עקזעקוטיוו זאל אים געבען א רעקאמענדאציאנס־בריף צו די ברענטשעס, צו וועמען ער וויל זיך ווענדען וועגען דעם. דער טשערמאן ערקלערט אים, אז ער קאן זיך ווענדען צו די ברענטשעס פערזענליך, און ער דארף פאר דעם צוועק קיין רעקאמענדיישאן פון דער עקזעקוטיוו.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פריינד יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 423 איז געשטאָרבען אין יאַנואַר 1920 און יעצט איז ערהאַלטען געוואָרען אַ בריף פון אַ לאָיער, פאָדערענדיג פאַר 5 וואָכען בענעפיט פאַר אים, פאַר דער צייט איידער ער איז געשטאָרבען. ביי אונז אין אָפיס איז אָבער ניטאָ קיין רעקאָרד וועגען דער בענעפיט. אַזוי ווי עס איז אַוועק אַזאַ לאַנגע צייט און די בענעפיט איז ניט געפאָדערט געוואָרען, דורך דעם ברענטש, האָט די בענעפיט קאָמיטע באַשלאָסען צו ענטפערן דעם לאָיער, אַז די בענעפיט קאָן ליידער ניט אויסגעצאָלט ווערען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען יערליכע ביישטייערונגען פאַר האָספּיטאַלס אין פאָלגענדע שטעט:

| | |
|---|---|
| טאָראָנטאָ | $200.00 |
| מאָנטריאָל | 200.00 |
| נוואַרק | 200.00 |
| שיקאַגאָ | 500.00 |
| פּעטערסאָן | 200.00 |
| באַלטימאָר | 200.00 |

בודזשעטען ווערען באַשטימט פאַר האָספּיטאַלס בלויז אין אַזעלכע שטעט, וואו מיר האָבען ניט ווייניגער פון 5 ברענטשעס. די ברענטשעס אין פּראָווידענס האָבען פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל באַוויליגען אַ געוויסע סומע פאַר זייער האָספּיטאַל. אַזוי ווי מיר האָבען דאָרט בלויז 3 ברענטשעס, איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערן, אַז זייער פאַרלאַנג קאָן ליידער ניט באַוויליגט ווערען.

בודזשעטען פאַר די ניו־יאָרק האָספּיטאַלס וועלען באַשטימט ווערען דעם מאָנאַט, ביי אַ דזשאָינט מיטינג, וואָס די בענעפיט קאָמיטע וועט האָבען מיט דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד.

מרס. קלימענקאָ האָט זיך געווענדעט, אַז מען זאָל איר פאַרקויפען אַ קבר נעקסט צו דר. קלימענקאָ. לויט די פירונגען פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט ווערען קיינע קברים ניט רעזערווירט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען אַ פאָרטרעטער צו דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט און פאַרלאַנגען, אַז דער נעקסטער קבר צו דר. קלימענקאָ זאָל געלאָזען ווערען אָפען, און די פראַגע וועגען מאַכען אַן אויסנאַם אין דעם פאַל און פאַרקויפען אַ קבר צו מרס. קלימענקאָ זאָל געבראַכט ווערען צו דער יערליכער קאָנפערענץ פון דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

די בענעפיט קאָמיטע האָט געבעטען די דאָקטוירים פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען גרינדען אַן אַרבייטער־רינג דיספּענסערי אין ניו־יאָרק. די בענעפיט קאָמיטע פאַרשטעהט, אַז דאָס איז אַ גרויסע אונטערנעמונג און עס מוז פריהער באַשטימט ווערען פון דער קאָנווענשאָן. איידער די פראַגע ווערט אָבער געבראַכט צו דער קאָנווענשאָן, איז ווינשענסווערט צו הערען די מיינונג וועגען דעם פון אונזערע דאָקטוירים און זעהן מיט וויפיל אויסגאַבען אַזאַ אונטערנעמונג וואָלט געווען פאַרבונדען.

וועגען פאַרלאַנג פון בר. 221 (זעה פּראָטאָקאָל פון לעצטען מיטינג) האָט דר. קלימענקאָ פאַר זיין טויט רעקאָמענדירט ניט צו באַשטימען קיין מעדיקאַל עקזאַמינער ספּעציעל פאַר דזשאַמייקאַ. זיין רעקאָמענדיישאָן איז אָנגענומען געוואָרען.

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. וואָהלבערג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די פּעטערסאָן דיסטריקט קאָמיטע אָרגאַניזירט אַן אונטערנעמונג צו פייערן דעם סאַניטאַריום יום־טוב.

אין ניו־יאָרק וועט דער סאַניטאַריום־טאָג געפייערט ווערען דורך אַ גרויסען קאָנצערט אין לעקסינגטאָן אָפּערא הויז, זונטאָג בייטאָג, דעם 20טען פעברואַר. אין דעם קאָנצערט וועלען זיך באַטייליגען י. ווינאָגראַדאָוו און דער באַוואוסטער טשעליסט ח. נאַדעל. דאָס וועט וואַרשיינליך זיין דער שענסטער קאָנצערט, וועלכער איז ווען עס איז געגעבען געוואָרען פאַר אַ סאַניטאַריום יום־טוב. טיקעטס זיינען שוין פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס, און עס איז צו ערוואַרטען, אַז די אונטערנעמונג וועט זיין אַ גרויסער ערפאָלג. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער גאַנצער איינקונפט פון דעם קאָנצערט זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דעם אַרבייטער־רינג רעליעף פאָנד. די פייערונג פון סאַניטאַריום־טאָג אין סאַניטאַריום גופא וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 6טען פעברואַר. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען איינצולאַדען די עקזעקוטיוו צו שיקען 5 פאַרטרעטער אין סאַניטאַריום צו דעם סאַניטאַריום יום־טוב.

אַ פּאַציענט פון בר. 519, שיקאַגאָ, איז געווען ערנסט קראַנק און אונזערע דאָקטוירים האָבען באַשלאָסען אים צו שיקען אין אַ האָספּיטאַל אין ניו־יאָרק, ווייל זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז, ערשטענס, איז דער קלימאַט אין די קעטסקיל בערג פאַר אים צו שאַרף, און צווייטענס, נויטיגט ער זיך מער אין האָספּיטאַל ווי אין סאַניטאַריום טריטמענט. נאָכדעם ווי ער איז געווען אַ קורצע צייט אין אַ ניו־יאָרקער האָספּיטאַל, איז ער אַליין צוריקגעקומען אין סאַניטאַריום ניט אָנפרעגענדיג ניט ביי דער סאַניטאַריום קאָמיטע, ניט אין גענעראַל אָפיס, ניט ביי אירגענד וועלכע פון אונזערע דאָקטוירים. פאַרשטענדליך, אַז ער האָט אָן אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג אין סאַניטאַריום ניט געקאָנט אַריינגענומען ווערען. מען האָט אים געמוזט האַלטען איניגע טעג אין אַ האָטעל אין ליבערטי און אויך דינגען צו אים אַ נורס אויף בייטאָג און ביינאַכט. זיין ברודער אין ניו־יאָרק האָט זיך ענטזאָגט זאָגאַר צו קומען אין ליבערטי מיטצופאָרען מיט אים אין ניו־יאָרק, אָבאַהל מיר האָבען אים ערקלערט, אַז מיר וועלען אים באַצאָלען די רייזע־קאָסטען אין ניו־יאָרק און אויך מיטשיקען מיט אים אַ נורס. דער באַטרעפענדער געפינט זיך יעצט אין אַ ניו־יאָרק האָספּיטאַל אין אַ קריטישען צושטאַנד. אַ פאָרטרעטער פון זיין ברענטש איז געקומען אים באַזוכען, נאָכדעם ווי מיר האָבען דעם ברענטש באַריכטעט טעלעגראַפיש וועגען דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט.

מיס סילווער איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס מייטראָן אין סאַניטאַריום. זי האָט פריהער געהאַט אויפזיכט אויף די יוניטי הויז פון דער לידיס וועיסט מייקערס יוניאָן אין ניו־יאָרק און אויך אויף די יוניטי הויז אין פילאַדעלפיאַ.

בר. 895, ראָק איילענד, איל., האָט צוגעשיקט 10 דאָלאַר פאַר דעם סאַניטאַריום פאָנד, אַלס ענטפער אויף אונזער צושריפט וועגען פייערן דעם סאַניטאַריום־טאָג. אַ דאַנק־בריף איז צו זיי געשיקט געוואָרען.

דער מיטגליד פון בר. 369, וועלכער האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע פאַר ניט אַריינגעמען אים אין סאַניטאַריום, ווייל ער איז קראַנק געוואָרען אויף טובערקולאָזיס איידער ער איז געווען אַ יאָר אין אַרבייטער־רינג, האָט צוגעשיקט אַן אַפּליקיישאָן פאַר קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט. דער אָפיס האָט, מיט דער צושטימונג פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, באַשלאָסען אים אויסצוצאָלען די 200 דאָלאַר קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט.

אין דער צווייטער ליני־טו פלעגט ניט זיין גענוג וואַסער. פריינד דרייספּיעל איז לעצטען מאָנאַט געפאָרען אין סאַניטאַריום צו אונטערזוכען דאָרט די וואַסער־לייטונג סיסטעם. לויט זיינע אינסטרוקציעס האָבען אונזערע איזשעניר(ען) געמאַכט געוויסע ענדערונגען אין דער וואַסער־לייטונג פון די ליני־טוס, און עס איז יעצט דאָ גענוג וואַסער.

די פילאַדעלפיאַ דיסטריקט קאָמיטע האָט געבעטען צו ערלויבען באַזוכען דעם סאַניטאַריום 15 מיטגלידער, וועלכע האָבען זיך לעצטען יאָר אויסגעצייכענט אין דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. די דיסטריקט קאָמיטע האָט אין זייער מעמבערשיפּ קאַמפּיין באַשטימט אַלס פּרעמיום אַ רייזע אַהין און צוריק אין סאַניטאַריום פאַר די יעניגע, וועלכע וועלען זיך אויסצייכענען/מיט זייער אַקטיוויטעט אין דעם קאַמפּיין. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז די דאָזיגע 15 וועלען זיכער פריינדליך אויפגענומען ווערען אין סאַניטאַריום, אַז מען וועט זיי ערלויבען צו זיין אויף די גראַונדס פון סאַניטאַריום אַ גאַנצען טאָג און ניט האָבען באַגרעניצטע וויזיטינג שטונדען, אָבער מיר קאָנען ניט באַוויליגען פאַר זיי קיין פּלאַץ צום שלאָפען, אָדער מאָלצייטען, ווייל די פּאַציענטען אַליין ווילען ניט ווערען געשטערט פון זייטיגע מענשען.

די אַרמיי־בלענקעטס, וועלכע זיינען פריהער געקויפט געוואָרען, זיינען ניט געווען גענוג וואַרים און מען האָט זיי געמוזט צוריקשיקען. מען האָט געקויפט 50 דאָבעל בלענקעטס, וועלכע זיינען שוין אַרויסגעשיקט געוואָרען אין סאַניטאַריום.

מר. גרינבערג, דער טשיקען־מאַן, וועלכער איז געווען אין סאַניטאַריום מיט 2 יאָר צוריק, איז יעצט ווידער אָנגעשטעלט געוואָרען, און מר. ווערשיפּ, דער יעצטיגער פאַרמער, וועט פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום די טעג.

די דאָקטוירים פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָארד זיינען היינט אַרויסגעפאָרען אין סאַניטאַריום אויף זייער יערליכען וויזיט. די סאַניטאַריום קאָמיטע דענקט, אַז עס איז נויטיג, אַז די דאָקטוירים זאָלען דאָרט זיין אַם ווייניגסטענס איין מאָל אַ יאָר, אום צו זעהן אויב די מעדיצינישע צייט און די לאַבאָראַטאָריע ווערען געהאַלטען אויף אַ מאָדערנעם אופן, ווי עס פּאַסט פאַר אונזער אַנשטאַלט.

דער אַסיסטענט דאָקטאָר האָט פאַרלאָזען, און דר. האַלפּערין זוכט יעצט אַ צווייטען דאָקטאָר אויף זיין פּלאַץ.

מיס לעכעטקין איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס נורס אויף דעם פּלאַץ פון מיס ראָזענסאָן, וועלכע איז צוריקגעפאָרען אין ניו־יאָרק.

דער באָילער אין אַדמיניסטריישאָן בילדינג ווערט יעצט אַריינגעשטעלט און די אַרבייט וועט וואַרשיינליך אין איניגע טעג אַרום פאַרטיג ווערען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַריינצושטעלען אין האָספּיטאַל אַ סטים־רעגולייטאָר, אום די פּאַציענטען זאָלען צו יעדער צייט קאָנען רעגולירען די סטים.

דאָנערשטאָג אָוונט, דעם 6טען יאַנואַר, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ ספּעשעל מיטינג, וואו דר. אַנטאָנאָווסקי און דר. האַלפּערין זיינען איינגעלאַדען געוואָרען, אום זיך דורכצורעדען וועגען דעם, וואָס די סאַניטאַריום אויסגאַבען ווערען גרעסער פון מאָנאַט צו מאָנאַט. פר. באָסקין איז אַנוועזענד געווען ביים מיטינג און האָט איבערגעגעבען ציפערן, וואָס צייגען ווי די פאַרשידענע אויסגאַבען זיינען לעצטענס געמאַכט געוואָרען. דר. אַנטאָנאָווסקי האָט פאַרשפּראָכען צו נעמען דאָס אין אַנבאַטראַכט און זעהן אַז די פּראָדוקטען זאָלען אין דער צוקונפט געקויפט ווערען ביי גרויסע האָלסיילערס אין ניו־יאָרק. די סאַניטאַריום קאָמיטע גלויבט, אַז אַפילו דורך אַזעלכע מיטלען קאָן פיל געשפּאָרט ווערען, אַנשטאָט צו קויפען אַ גרויסע טייל פון אונזערע פּראָדוקטען אין ליבערטי.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

דער טשערמאַן בעט אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו זיך אויפצוהייבן פון די פּלעצער, צו באַערען דעם אָנדענקען פון דר. קלימענקאָ.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר. העסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 106 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס צו שטרייכען אים פאַר אַרבייטען אויף 3 לומס אין אַ ניו־יאָרקער פאַבריק. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען געצייגט אַ בריף פון דעם אַפּעלאַנט, אין וועלכען ער האָט זיך ענטזאָגט צו קומען צום מיטינג פון ברענטש, און ער האָט געשריבען, אַז ער וועט אַרבייטען אין דעם שאַפּ אַזוי לאַנג ווי דער גענעראַל אָפיס פון דער יוניאָן וועט אים ערלויבען. דער אַפּעלאַנט ווידער האָט גע'טענה'ט, אַז צוליב דעם, וואָס עס איז ניטאַ קיין אַרבייט אין פּעטערסאָן איז ער געקומען אין ניו־יאָרק און געגאַנגען אַרבייטען אין יענעם שאַפּ מיט דער צושטימונג פון דעם גענעראַל־אָפיס פון דער אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָירקערס, ווייל ער האָט געוואָלט העלפען אָרגאַניזירען יענעם שאַפּ. ניט קוקענדיג דערויף האָט אים זיין ברענטש באַשטראָפט מיט $99.99 פאַר אַרבייטען מער ווי אויף 2 לומס, אָבוואָהל אין ניו־יאָרק איז ניטאַ קיין יוניאָן פון זייער טרייד. די גריוועַנס קאָמיטע האָט אָנגעפרעגט וועגען דעם בײַ דעם גענעראַל אָפיס פון דער אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָירקערס, וועלכע האָט געענטפערט, אַז זיי נעמען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס דער באַטרעפענדער אַרבייט אין יענעם שאַפּ, ווייל אין ניו־יאָרק איז ניטאַ קיין לאָקאַל פון דער „בראָד סילק אינדוסטרי, און לויט זייער קאָנסטיטוציע געפינען זיך מיטגלידער פון דער יוניאָן אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דעם גענעראַל אָפיס אויב זיי אַרבייטען אין אַ שטאָט, וואו עס איז ניטאַ קיין לאָקאַל. דער גענעראַל אָפיס פון דער יוניאָן האָט אויך אָנגעדייטעט אין דעם בריף, אַז דער אַפּעלאַנט האָט געטאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט פאַר דער יוניאָן און זיי גיבען אים די ערלויבניש צו אַרבייטען אין יענעם שאַפּ. דער פּעטערסאָנער לאָקאַל פון די אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָירקערס האָט וועגען דער אַנגעלעגענהייט געשריבען, אַז דער באַטרעפענדער האָט זיי געמאָלדען אין עטליכע טעג אַרום נאָכדעם ווי ער האָט זיך געשטעלט אַרבייטען אין דעם שאַפּ אין ניו־יאָרק און איז אויף אַזאַ אופן נאָכגעקומען די פאָדערונג פון זייער קאָנסטיטוציע; אַז זיי האָבען אים שטענדיג באַטראַכט פאַר אַן אַקטיווען יוניאָן־מיטגליד, נאָר נאָכדעם ווי דער אָרטיגער אַרבייטער־רינג ברענטש האָט געמאַכט אויסזעצונגען געגען זיין אַרבייטען אין דעם ניו־יאָרקער שאַפּ און זיי האָבען גענומען אונטערזוכען זיין יעצטיגע שטעלונג צו דער יוניאָן, האָבען זיי אָנגעפאַנגען דענקען, אַז דער באַטרעפענדער איז געגאַנגען אַרבייטען מער אויס פּערזענליכע מאָטיוון ווי צוליב דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט פון דער יוניאָן. אויף דעם גרונד פון דעם צושריפט פון דעם גענעראַל אָפיס פו ןדי אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָירקערס, וועלכע דאַרף אין דער פראַגע מער אין אַנבאַטראַכט גענומען ווערען אַלס אויטאָריטעט ווי אונזער בר. 106, האָט די גריוועַנס קאָמיטע באַשלאָסען אַרונטערצונעמען די שטראָף פון דעם אַפּעלאַנט, נאָר טאַדלען אים פאַר דעם טאָן אין זיין בריף, אין וועלכען ער האָט געשריבען צום ברענטש, אַז ער וועט ניט קומען צו דער הירינג.

אַ גרופּע מיטגלידער פון בר. 542 האָבען אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע צו טרענספערירען איניגע מיטגלידער אַלס מעמבערס עט לאַרדזש און ניט באַשטראָפען יענעם מיטגליד, צוליב וועלכען דער גאַנצער סכסוך איז אַרויסגעקומען. אָנפרעגענדיג בײַ דער דיסטריקט קאָמיטע וועגען דער אַנגעלעגענהייט האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער באַטרעפענדער, צוליב וועלכען דער טומעל איז אַרויסגעקומען, איז באַפאַלען געוואָרען אין גאַס און מען האָט אים גוט צושלאָגען. ער האָט דאַן איבערגעגעבען וועגען דעם צו דער פּאָליס, וועלכע האָט אַרעסטירט איניגע מיטגלידער פון ברענטש, פון וועמען די פּאָליס האָבען געדענקט אַז זיי קאָנען אויסגעפינען וועגען דעם אָנפאַל. אַזוי ווי ער איז געווען דער, וועלכער האָט פּאַקטיש געליטען, האָט די דיסטריקט קאָמיטע אים געטאַדעלט פאַר איבערגעבען די פראַגע צו דער פּאָליס און די איבריגע באַשטראָפט מיט דעם, וואָס זיי זיינען טרענספערירט געוואָרען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צוריקצואווייזען דעם אַפּיל פון די גרופּע מיטגלידער פון בר. 542 און גוטהייסען די האַנדלונג פון דער דיסטריקט קאָמיטע.

אַ מיטגליד פון בר. 329, אָלבאַני, האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט 25 דאָלאַר פאַר שטערען די אַרבייט פון דער „רזשווירנימען טיילאָרס יוניאָן". דער אַפּעלאַנט האָט ערקלערט, אַז ער איז אַ קאָנטראַקטאָר און ער האָט ניט געקענט באַלאַנגען צו דער יוניאָן, פאָלגליך איז די שטראָף געווען אונגעזעצליך. ע רהאָט אָבער אַליין צוגעגעבען, אַז ער האָט געהאָלפען אָרגאַניזירען אַן „אומאָפּהענגיגע" יוניאָן. דער ברענטש ווידער האָט ערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער האָט געהאָלפען אָרגאַניזירען אַן „אומאָפּהענגיגע" יוניאָן, וועלכע האָט געהאַט אַלס איינע פון אירע אויפגאַבען צו צוברעכען די עקזיסטירענדע יוניאָן; אַז ער האָט בכלל געשטערט די אַרבייט פון זייער יוניאָן אין זייער קאַמף צו אָרגאַניזירען זיך געגען די באָסעס. דער ברענטש האָט אים דאַרום באַשטראָפט מיט 25 דאָלאַר, וואָס פיל מיטגלידער באַטראַכטען אַלס זעהר אַ מילדע שטראָף. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון בר. 11 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט $99.99. דער באַטרעפענדער האָט געאַרבייט אַלס פאָרמאַן אין אַ „ניטינג מיל" און מען האָט אים אָנגעקלאָגט, אַז ער האָט אין דער צייט פון סטרייק אַרויפגענומען סקעבס און זיי געלערנט אַרבייטען. ער האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט יעדען נייעם אַרבייטער ערקלערט, אַז עס איז אַ סטרייק און אים געפרעגט צי ער איז וויליג צו געהן אַרבייטען; אַז אַלס פאָרמאַן האָט ער אַנדערש ניט געקענט האַנדלען. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען ערקלערט, אַז בײַ דער אונטערזוכונגס קאָמיטע האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער באַטרעפענדער האָט אָנגעפירט דעם גאַנצען סטרייק, און ווען ניט ער וואָלט דער סטרייק געסעטעלט געוואָרען אין עטליכע טעג. די אונטערזוכונגס־קאָם. אַזוי גוט ווי דער בר., האָבען אים געפונען שולדיג אין די קלאַגען און באַשטראָפט אים מיט $99.99. אויף אונזער אָנפראַגע האָט די „ניטינג גודס וואָירקערס יוניאָן" געשריבען, אַז דער באַטרעפענדער האָט געשטערט דעם סטרייק און האָט זיך זאָגאַר אויסגעדריקט, אַז ער וועט זעהן צוברעכען די יוניאָן; אַז ער האָט נאָך דעם סטרייק זיך ענטזאַגט צו נעמען צוריק דעם שאַפּ טשערמאַן, וועלכער איז געווען אַן איבערגעגעבענער יוניאָן־מאַן. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

די דזשועלערי וואָירקערס יוניאָן האָט אַפּעלירט געגען דער ענטשיידונג פון בר. 2 וועגען זייערען אַ מעמבער, וועלכער איז אַרויסגעשלאָסען געוואָרען פון זייער יוניאָן. די גריוועַנס קאָמיטע האָט געענטפערט די דזשועלערי וואָירקערס יוניאָן, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע ווערען קלאַגעס און אַפּילס איינגענומען בלויז פון ברענטשעס און מעמבערס פון אַרבייטער־רינג, אָבער ניט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אין דעם ענטפער צו זיי איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז אַ מיטגליד פון זייער יונאָן, וועלכער איז אויך אַ מעמבער פון אַרבייטער־רינג, קאָן נאָכאַמאָל אַריינברענגען די קלאַגע געגען אים אין בר. 2, און אויב די ענטשיידונג פון ברענטש וועט ניט זיין צופרידענשטעלענד, וועט דער אָנקלעגער דאַן קאָנען אַפּעלירען צו אונז געגען דער האַנדלונג פון ברענטש.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. בערנשטיין, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז 2 מאָווינג פּיקטשור מאַשינען זיינען געקויפט געוואָרען פאַר 2 אַרבייטער־רינג שולען אין ניו־יאָרק. דער ניו־יאָרקער שטאַטישער בילדונגס־קאָמיטעט האָט בייגעשטייערט אַ העלפט (90 דאָל.) פון דיזע אויסגאַבען.

צוליב דער אַרבייטסלאָזיגקייט, וועט דער ניו־יאָרק שטאַטישער בילדונגס קאָמיטעט אָרגאַניזירען צוזאַמען מיט די יוניאָנס בייטאָגיגע פרייע קאָנצערטען, און מיר וועלען בייסטייערן אַ טייל פון די אויסגאַבען פון די דאָזיגע קאָנצערטען.

די קולטורעלע צענטרען אין ניו־יאָרק פאַרבעסערן זיך כמעט מיט יעדער וואָך.

דער מאַנוסקריפּט פאַר אַ טעקסט־ביכעל פאַר אידישע סטענאָגראַפיע איז געגעבען געוואָרען דורכצוקוקען צו איניגע עקספּערטען איבער סטענאָגראַפיע. יענע זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז די פּיטמאַנ'ס סיסטעם איז בעסער און אַ מער וויסענשאַפטליכע ווי די, וועלכע איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון דעם אויטאָר, וועלכער האָט צוגעשטעלט דעם מאַנוסקריפּט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען דעם דאָזיגען מאַנוסקריפּט ניט אָנצונעמען, נאָר קריגען דריי קאָמפּעטענטע סטענאָגראַפערס, וועלכע זאָלען אויסאַרבייטען פאַר אונז אַ טעקסט־ביכעל איבער אידישע סטענאָגראַפיע.

די אידישע קולטור־ליג אין סיביר האָט דורך פריינד עוואַנסקי פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלען זיי צושיקען צו 8 עקזעמפּלאַרען פון אַלע אונזערע ביכער־אויסגאַבען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באַוויליגען.

די סעקרעטער־קורסען, וועלכע ווערען היי־יאָר ווידער אָרגאַניזירט פון דעם ניו־יאָרק שטאַטישען בילדונגס־קאָמיטעט, וועלען וואַרשיינליך זיין אַן ערפאָלג. אַ גרופּע מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג האָבען זיך רעגיסטרירט אויף די קורסען, וועלכע וועלען זיך וואַרשיינליך אין גיכען אָנפאַנגען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו זעהן עפענען נאָך צוויי שולען אין ניו יאָרק: אין קוני אייולענד און איסט ניו יאָרק. קאָנפערענצען ווערען אין יענע געגענדען גערופען וועגען דער גרינדונג פון די שולען.

דער לעקטשור־טור מיט גענאָסע א. ראַטמאַן איז פאַרלויפיג איינגעאָרדענט ביז סט. פאול, ווייל ניט אַלע ברענטשעס האָבען געענטפערט. מאַנכע שטעט זאָגען זיך בכלל אָפּ צו אַראַנזשירען לעקציעס צוליב דער יעצטיגער שלעכטער צייט.

די לאַגע פון די אַרבייטער־רינג שולען איבער'ן לאַנד איז יעצט פיל בעסער ווי לעצטען יאָר אין דער צייט.

די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען נאָכצוזוכען אַ פּאַסענדען געהילף פאַר פר. ביילין. די טעטיגקייט פון די אַרבייטער־רינג שולען. די רעדאַקציאָנס־אַרבייט פון דעם קינדער־זשורנאַל „קינ־

"דערלאַנד" אַ. ר. ג. נעמען ביי אים אַוועק פיל צייט און עס איז פאַר אים שווער איסצופילען פינקטליך די אַרבייט.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. אייבראמס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אַז אין אָפיס איז ניטאָ קיין פינקטליכער רעקאָרד פון דעם דייט און פלאַץ פון די מיטינגען פון מאַנכע ברענטשעס. ווען עס קומט אויס אַזעלכע ברענטשעס צו באַזוכען, קאָן מען זיי ניט געפינען. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַרויסצושיקען צו אַלע ברענטשעס איין מאָל אין 6 מאָנאַטען אַ בלענק און אויפפאָדערן זיי איסצופילען די ענדערונגען פון צייט און פלאַץ פון זייערע מיטינגען.

צוויי נייע דעסקס זיינען געקויפט געוואָרען פאַר דעם מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו געבען אַ שטענדיגען אַדווערטייזמענט אין „פראַטערנאַל מאָניטאָר", וועלכער איז אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל. די דאָזיגע אַדווערטייזענט וועט אונז קאָסטען 120 דאָל. אַ יאָר.

אונזער אָפיציעלער אַגענט אין מאָנטריאַל האָט ניט געענטפערט אויף אַן אָנפראַגע פון דאָרטיגען אינשורענס דעפּאַרטמענט און עס האָט זיך נאָכהער אַרויסגעצייגט, אַז דער אַגענט איז אַוועקגעפאָרען פון מאָנטרעאַל. דער אָפיס האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער אָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע און האָט באַשטימט אַ צווייטען אַגענט אויף יענעם פלאַץ.

ווען אַ מיטגליד פון דער אָפיס קאָמיטע האָט באַזוכט בר. 91 אין פאַרבינדונג מיט דעם וואָס זיי האָבען געהאַט אַ חוב צום אָפיס מער ווי עס ווערט ערלויבט לויט אונזער קאָנסטיטוציע, איז דער פאַרטרעטער פון דער אָפיס קאָמיטע אויפגענומען געוואָרען פון זייער טשערמאַן אויף זעהר ניט קיין שיינעם אופן, ניט ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַרבייטער־רינג ברענטש, בפרט נאָך פאַר איינעם פון די עלטערע ברענטשעס. דער ברענטש האָט צוגעשיקט אַ שריפטליכע ענטשולדיגונג פאַר די ניט־פריינדליכקייט וואָס דער טשערמאַן פון דעם מיטינג האָט דאמאָלס אַרויסגעצייגט.

איף אונזער פאַרלאַנג האָט דער ניו־דזשוירזי אינשורענס דעפּאַרטמענט אונטערזוכט אונזערע ביכער, אום צוצוגרייטען אַן אָפּיציעלען סטייטמענט פאַר די אינשורענס דעפּאַרטמענטס פון איניגע סטייטס, וואו מיר מאַכען אַפּליקיישאַנס פאַר טשאַרטערס. זיי האָבען צוגעשיקט אַ רעפּאָרט פון זייער אונטערזוכונג, אין וועלכען זיי לויבען שטאַרק די פינקטליכקייט פון אָפיס, און ערקלערען אַז אַלעס ווערט געפירט אין בעסטען אָרדנונג.

אין בר. 417 האָבען דריי פון זייערע געדרעפּטעטע מיטגלידער מער צו זיי זיך קיינמאָל ניט געמאָלדען. דער ברענטש האָט געשריבען צום אָפיס, אַז זיי קאָנען ניט אויסגעפינען וואָס מיט זיי איז געוואָרען און זיי בעטען דאַרום אַז מען זאָל דעם ברענטש באַפרייען פון צאָלען דיוס פאַר די דאָזיגע דריי מיטגלידער. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען בעטען ביים ברענטש אָנצוגעבען די לעצטע אַדרעסען פון די מעמבערס און מיר וועלען דאַן אָנפרעגען וועגען זיי אין דעם רעגירונגס קריג־דעפּאַרטמענט, דערווייל אָבער זאָלען זיי זיי ניט שטרייכען, ווען מיר וועלען אויסגעפינען איינצעלהייטען וועגען זיי, וועלען מיר האַנדלען וועגען דעם, אַז דער ברענטש זאָל פאַר זייערע דיוס ניט דאַרפען ליידען.

באָנדס זיינען געקויפט געוואָרען אויף דער סומע פון 67 טויזענד דאָלאַר, פאַר וועלכע עס איז באַצאָלט געוואָרען $59,116.05. עס איז אויך איינגעצאָלט געוואָרען אינטערעס אויף די באָנדס, אָבער די סומע פון אינטערעס וועלען מיר נאָכהער קריגען אויסגעצאָלט.

די פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע האָט צוגעשיקט אַ דאַנק־בריף פאַר די 50 טויזענד דאָלאַר, וואָס איז זיי איבערגעגעבען געוואָרען.

דער ניו־יאָרק אינשורענס דעפּאַרטמענט האָט געשריבען, אַז זיי האָבען געפּוזלט אונזער אַמענדירטע קאָנסטיטוציע. אונזער ליגעל אַדווייזער, מאיר לאָנדאָן, דענקט אָבער, אַז דאָס הייסט נאָך ניט, אַז מיר קאָנען איינפירען די טויזענד־דאָלאַר פּאָליסי; אַז עס זיינען נאָך דאָ איניגע טעכנישע געזעצליכע זייטען, וועלכע דאַרפען דורכגעפירט ווערען מיט'ן אינשורענס דעפּאַרטמענט. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז אויב מאיר לאָנדאָן וועט דאָס ניט דורכפירען אין דער נאָהענטער צוקונפט, וועט פריינד באַסקין פאָרען וועגען דעם אין אָלבאַני צום אינשורענס קאָמישאָנער.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. פ. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווענדעט אַן אַלע קרעפטען אויפצולעבען די אַרבייט סיי צווישען די ברענטשעס און סיי צווישען די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

מאַס־מיטינגען זיינען לעצטענס אַראַנזשירט געוואָרען אין גאַנצע רייה שטעט. דער דזשאָינט מיטינג אין ראָטשעסטער און דער מאַס־מיטינג אין סיראַקיוז זיינען אַדרעסירט געוואָרען פון אים (יודיטש).

אין האַרטפאָרד און אין ניו־בריטען זיינען אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען מיטינגען, וועלכע זיינען אַדרעסירט געוואָרען פון פר. ל. דינערשטיין.

אין פילאַדעלפיא ווערט היינט אָפּגעהאַלטען אַ ספּעשעל רעליעף קאָנפערענץ אַראַנזשירט פון דער אָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע. פר. ל. דינערשטיין איז דאָרט ביים מיטינג.

אַ ספּעשעל מיטינג פון דער נואַרק דיסטריקט קאָמיטע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען געסטערן אָוועמט, אום זיך דורכצורעדען וועגען פלענער פאַר ווייטערדיגער טעטיגקייט. פר. עבעריל איז דאָרט געווען פאַרטראָטען. נואַרק ווענדט אָן אַלע כחות צו מאַכען ביידע קאַמפּיינס דעם יאָר פאַר אַן ערפאָלג

אין פּעטערסאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ ספּעשעל קאָנפערענץ פון די דאָרטיגע ברענטשעס. אויפ'ן טאַגעס־אָרדנונג זיינען געשטאַנען פאָלגענדע פראַגען: 1) רעליעף־אַרבייט, 2) די באַציהונג פון די ברענטשעס צו דער דיסטריקט קאָמיטע. עס איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז די אָרטיגע ברענטשעס שענקען ניט גענוג אויפמערקזאַמקייט צו דער דיסטריקט קאָמיטע. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ בריף צו אַלע פּעטערסאָנער ברענטשעס און זיי אויפפאָדערן צו העלפען דעם אָרטיגען טעג־דעי, וואָס ווערט אַראַנזשירט פאַר'ן אַרבייטער־רינג רעליעף־פאָנד; אויך אויפמערקזאַם צו מאַכען צו אַרבייטען האַרמאָניש און געמיינשאַפטליך מיט דער דיסטריקט קאָמיטע. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו דעם קומענדען מיטינג פון דער דיסטריקט קאָמיטע און זיך מיט זיי דורכצורעדען וועגען דער ווייטערדיגער טעטיגקייט. פר. קרינסקי איז דאָרט געווען פאַרטראָטען.

אין וועסט נואַרק, ביי דער ערעפענונג פון לייבאָר לייסעאום, איז אנוועזענד געווען פר. קרינסקי, וועלכער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

די לאָס אנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך גענומען ענערגיש פאַר דער אַרבייט. זיי האַלטען אין אָרגאַניזירען איניגע נייע ברענטשעס אין זייער דיסטריקט, אום אָנצופירען זייער אַרבייט סיסטעמאַטיש און אויפלעבען די עקזיסטירענדע ברענטשעס, אויך אָרגאַניזירען נייע ברענטשעס דאָרט וואו עס איז מעגליך, איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצושיקען פר. ח. ל. סיימאָנס, דעם סעקרעטער פון דער קאַליפאָרניא סטייט קאָמיטע, אויף אַ טור פאַר צוויי וואָכען צייט. פאַר דעם צוועק האָט די דאָרטיגע סטייט קאָמיטע אויך אָפּגעדרוקט 6000 ליפלעטס און פאַנאַנדערגעשיקט אין די פאַרשידענע שטעט פון יענער געגענד.

אין דעטראָיט שטעלט זיך וואָס ווייטער איין אַלץ מער אָרדנונג אין דער אַרבייטער־רינג טעטיגקייט. לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען אַז פר. לעווינסאָן, דער סעקרעטער פון דער דעטראָיט דיסטריקט קאָמיטע, זאָל אַרויספאָרען אויף אַ טור צו באַזוכען די שטעט פלינט, גרענד ראַפּידס, טאָלידאָ, בעי סיטי און דזשעקסאָן, פאַר דעם צוועק צו פאַרשטאַרקען די עקזיסטירענדע ברענטשעס און צו אָרגאַניזירען וואו מעגליך נייע ברענטשעס.

אין דעם פּיטסבורגער דיסט. געפינט זיך יעצט פר. זאַלצמאַן, וועלכער וועט אין משך פון צוויי וואָכען באַזוכען יעדען ברענטש אין יעדער שטעטעל פון יענעם געגענד.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָלט לעצטענס אין אַרומטראַכטען דעם יעצטיגען צושטאַנד אין דער אַרבייט בכלל. ביי איינער פון די לעצטע זיצונגען איז נאָך אַ לענגערער פאַרהאַנדלונג באַשלאָסען געוואָרען פאָלגענדעס:

1) אָנצואווענדען אַלעמעגליכקייטען צו קריגען וואָס מער פּרעסע־פּובליסיטי ווי ביז יעצט.

2) אין „פאָרווערטס" זאָלען אָפּגעדונגען ווערען צוויי קאָלומס וועכענטליך, פאַר פיר וואָכען צייט, פאַר דעם צוועק צו דרוקען אַלע נויטיגע נאָטיצען פון ברענטשעס א. אַ. וו.

3) ספּעשעל מיטינגען פון די דיסטריקט קאָמיטעס אַרום ניו־יאָרק זאָלען אָרגאַניזירט ווערען מיט פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע.

4) דזשאָינט מיטינגען זאָלען אָרגאַניזירט ווערען אין אַלע שטעט אַרום ניו־יאָרק מיט פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע.

5) ספּעשעל מיטינגען פון גרעסערע ברענטשעס איבער'ן לאַנד זאָלען גערופען ווערען פאַר דעם צוועק, דירעקט פון גענעראַל־אָפיס.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג פון די פּעטערסאָנער מעמבערס עט לאַרדזש, וועלכע זיינען געווען מיטגלידער פון דעם געוועזענעם ברענטש 192, אַז זיי זאָלען אָרגאַניזירט ווערען אין אַ באַזונדערען ברענטש פון אַרבייטער־רינג. די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיי צו ענטפערן, אַז אין שטעט וואו ברענטשעס פון אַ.־ר. זיינען אין עקזיסטענץ קאָנען קיין ספּעשעל ברענטשעס פון מעמבערס עט לאַרדזש ניט אָרגאַניזירט ווערען.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## טשערמאַנס רעפּאָרט

פר. י. ישורין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, באַריכטעט פאָלגענדעס:

ער האָט רעפּאָרטעט ביי דער זיצונג פון דער נ. ב. אַ. ד. אונזער שטעלונג וועגען דער פּיפּעלס רעליעף קאָמיטע און דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע איז אים געווען שווער צו פאַרטיידיגען, ווייל ער

האט אן אנדער מיינונג אין דער פראגע. ער האט אבער דאך איבערגעגעבן די מאטיוון פון דעם באשלוס פון דער עקזעקוטיוו אין דער פראגע. מאנכע מיטגלידער פון דער נ. ב. א. ד. זיינען געווען אונצופרידען ווארום די עקזעקוטיוו האט ניט אנפארטרויט אונזערע דעלעגאטען צו דער פיפעלס רעליעף קאנווענשאן צו האנדלען לויט זייערע איבערצייגונגען און לויט דעם סענטימענט פון ארבייטער־רינג, און ווארום עס זיינען זיי געגעבן געווארען אינסטראקשאנס ווי צו שטימען די נ. ב. א. ד. האט גוטגעהייסען זיין רעפארט, ווי אויך די שטעלונג פון דער נאצ. עקז. בנוגע דער פיפעלס רעליעף קאנווענשאן.

פר. ישורין ערקלערט, אז פר. געליעבטער האט אויפמערקזאם געמאכט אויף דער הירינג, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען אין וואשינגטאן וועגען באגרעניצען די אימיגראציע. די טשערליים האבען געהאט א מיטינג וועגען דעם און באשלאסען אז ער (ישורין) זאל דארט זיין פארטראטען. ער איז געווען ביי דער הירינג, און האט ביי דער סענאט קאמיטע געמאכט א קורצע ערקלערונג, אז דער ארבייטער־רינג איז געגען אירגענד וועלכער באשרענקונג פון אימיגראציע. ער זאגט, אז עס איז כאראקטעריסטיש, דאס די מערהייט, וועלכע זיינען געקומען צו דער הירינג, זיינען געווען געגען באשרענקונג פון אימיגראציע, ארויסגעהענדיג פון פארשידענע שטאנדפונקטען. די הירינג פון דער סענאט קאמיטע ווערט נאך יעצט פארטגעזעצט. אין דער צייט וואס ער איז דארט געווען האבען אלע די, וועלכע האבען גערעדט געגען דער אימיגראציע, געמאכט א סך א שטארקערן איינדרוק ווי די איזניגע, וועלכע האבען גערעדט צו גונסטען פון באגרעניצען די אימיגראציע.

טשערמאנס רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

---

אלס פארטרעטער צו דעם סאניטאריום יום־טוב ווערען ערוועהלט פריינדע הערמאן, ליטאוער, שפייער, ראזענבלאט און קרינסקי.

עס ווערט באשלאסען, אז דער קומענדער מאנאטליכער מיטינג זאל אפגעהאלטען ווערען מיטוואך אווענט, דעם 2טען פעברואר.

---

**דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט אפגעהאלטען מיטוואך אווענט, דעם 2־טען פעברואר, מיט פריינד י. ישורין אלס טשערמאן.**

### צושריפטען

פון בר. 49 — זיי לאדען איין א פארטרעטער צו זייער יובילייאום באנקעט, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 20טען פעברואר.

פון נעטשוראליזיישאן אייד ליג, — לאדען איין צו שיקען צוויי דעלעגאטען צו זייער יערליכער קאנפערענץ, וואס וועט אפגעהאלטען ווערען זונטאג, דעם 27טען פעברואר.

פון בר. 17, ניו־הייווען — דלאען איין א פארטרעטער צו זייער 20טען יערליכען יובילייאום־פעסט, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 6טען פעברואר. ערוויילט פריינד ל. דינערשטיין.

עס ווערט באשלאסען צו ערוויילען פארטרעטער אין די איבעריגע פלעצער ביים נעקסטען מיטינג.

פון איזראעל ארפען אסיילום — שיקען צו א רעסיט אויף 100 דאלאר, וואס איז באשטימט געווארען פאר זייער אנשטאלט, און דאנקען פאר דער ביישטייערונג.

פון דער נ. ב. א. ד. — זיי בעטען צו באוויליגען 125 דאלאר, אום די דירעקטארען זאלען קענען ארויספארען באריכטען אין זייערע סטייטס. ס'ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם צושריפט ביי דעם נעקסטען מיטינג.

פון בר. 578 — זיי שיקען צו פאלגענדע רעקאמענדאציע צו דער קאנווענשאן: אזוי ווי אין מאנכע ברענטשעס זיינען פאראן אינוואלידען, וועלכע פאלען צו לאסט אויף די ברענטשעס, אחוץ וואס מען דארף אין פילע פאלען חעלפען זיי און זייערע פאמיליעס, דארפען נאך די ברענטשעס גוטמאכען זייערע בילס. רעקאמענדירען זיי דארום, אז די נעקסטע קאנווענשאן זאל זוכען א מיטעל ווי אזוי צו שאפען א ספעציעלען פאנד צו דעקען די בילס פון אזעלכע אינוואלידען. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבן די דאזיגע רעקאמענדאציע צו דער קאמיטע, וואס וועט אויסארבייטען רעקאמענדאציעס צו דער קאנווענשאן.

---

פר. ב. לעוויטאן ערקלערט, אז ארבייטער־רינג מיטגלידער רופען זיך אם מערסטען אפ צו טאן די רעליף־ארבייט פאר דער פיפעלס רעליף קאמיטע. אין דעם יעצטיגען קליידער קאמפיין זיינען אבער נויטיג אזוי פיל וואלונטירס וויפיל עס איז נאר מעגליך צו קריגען. ער בעט דארום, אז די עקזעקוטיוו זאל רופען א מאס־מיטינג אין קופער יוניאן אויף שבת אווענד, אום צו קריגען וואלונטירס אויף זונטאג. ס'ווערט באשלאסען, אז די פיפעלס רעליף קאמיטע זאל אליין רופען דעם מאס־מיטינג, און די עקזעקוטיוו זאל אפעלירען צו אונזערע מיטגלידער דורך דער פרעסע צו באטייליגען זיך אלס וואלונטירס.

### נעקסטער קאנווענשאן אין באסטאן

ביי דעם מיטינג זיינען אויך אנוועזענד מאיר לאנדאן, דער ליגעל אדוויזער פון ארדען, דזשארדזש ראעור און דזשאזעף ביראק, אונזערע לאיערס אין מאססאטשוזעטס, וועלכע האבען געהאלפען אין דער ליגעל ארבייט צו קריגען דעם טשארטער. פריינד ישורין באריכטעט אפיציעל, אז מיר האבען געקראגען דעם טשארטער אין מאססאטשוזעטס סטייט. ער ערקלערט, אז פריינד באסקין און ער זיינען געווען אין באסטאן לעצטע וואך, אום דורכצופירען מיט דעם דארטיגען אינשורענס דעפארטמענט אלע נויטיגע דעטאלען, וואס זיינען געווען פארבונדען מיט קריגען דעם טשארטער. ער צייגט דאן אלעמען דעם טשארטער, וועלכער, ווי ער ערקלערט, איז ארויסגעגעבן געווארען דעם 31טען יאנואר 1921, 10 מינוט נאך 4 בייטאג. די פרייד ביי אלע מיטגלידער און ביי די געסט, וועלכע זיינען אנוועזענד, איז אומבאשרייבליך.

דזשארדזש ראעור גיט א קורצען איבערבליק וועגען דער ריזיגער ארבייט, וואס האט זיך געפאדערט פאר די ענדערונגען, וואס האבען געדארפט געמאכט ווערען, אום צו קריגען דעם טשארטער אין מאססאטשוזעטס סטייט. ער דייטעט אן, אז דער מאססאטשוזעטס אינשורענס דעפארטמענט איז כמעט דער שטרענגסטער אין גאנץ אמעריקא, און אויב דער ארבייטער־רינג האט געקאנט נאכקומען אלע ענדערונגען פון דעם דעפארטמענט, מעג ער זיין זיכער, אז די פינאנציעלע זייט, ווי אויך די אלגעמיינע פירונגען פון ארדען, זיינען אין א גלענצענדען צושטאנד. ער באגריסט דעם ארבייטער־רינג מיט דעם ערפאלג, און אויך פר. באסקין, דעם דזשענעראל סעקרעטער, מיט דער אונערמידליכער ארבייט, וואס ער האט פאר דעם אוועקגעלייגט. מאיר לאנדאן גראטולירט הארציג די עקזעקוטיוו און דורך זיי אלע מיטגלידער פון ארבייטער־רינג מיט דעם גרויסען זיג, וואס דער ארדען האט געהאט אין קריגען א טשארטער אין מאססאטשוזעטס סטייט. אין אן ענליכען טאן רעדט אויך דזשאזעף ביראק, דער פארטנער פון דער לאיער־פירמע ראעור און ביראק פון באסטאן.

עס ווערט פארגעלעזען א צושריפט פון דער טאראנטא דיסטריקט קאמיטע, וואו זיי דריקען אויס א שטארקע אונצופרידענהייט אין זייער נאמען און אויך אין נאמען פון דער קאנווענשאן אראנזשמענטס קאמיטע, ווארום עס ווערט געפלאנעוועט צו ענדערן דעם פלאץ פון דער קאנווענשאן פון טאראנטא אויף באסטאן. עס ווערט אויך פארגעלעזען א צושריפט פון פר. ריבאי, נאציאנאלען באארד און דירעקטאר פון טאראנטא, אז אויב ס'וועט אוועקנעמען פון זיי די קאנווענשאן, וועט דאס שטערען און שעדיגען די ארבייטער־רינג טעטיגקייט ביי זיי אין שטאט.

נאך א קורצער דעבאטע ווערט איינשטימיג באשלאסען, אז די קומענדע קאנווענשאן זאל אפגעהאלטען ווערען אין באסטאן, ניט אין טאראנטא. עס ווערט באשטימט זיי צו ערקלערען, אז ביי דער לעצטער קאנווענשאן איז איבערגעגעבן געווארען צו דער עקזעקוטיוו קאמיטע צו ארראנזשירען די קאנווענשאן אין באסטאן, אויב מיר וועלען אין פארלויף פון דעם יאר קריגען א טשארטער אין מאססאטשוזעטס סטייט.

פר. שפייער ערקלערט, אז ער וועט ניט קענען פארען צום סאניטאריום־יום־טוב אין סאניטאריום, און ער בעט צו ערוויילען א צווייטען אויף זיין פלאץ. פריינד אלטמאן ווערט ערוויילט.

ס'ווערט באשטימט, אז א פארטזעצונג פון דעם מיטינג זאל אפגעהאלטען ווערען מיטוואך אווענד, דעם 9טען פעברואר.

---

**א פארטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווירד אפגעהאלטען מיטוואך אווענד, דעם 9־טען פעברואר, מיט פריינד ישורין אלס טשערמאן.**

### צושריפטען

פון דער אוקזילערי קאמיטע פון „בונד“ — זיי לאדען איין דריי פארטרעטער צו דעם באנקעט, וואס ווערט ארראנזשירט אלס קבלת־פנים פאר וולאדימיר מעדעם. ערוויילט פריינדע באסקין, זאלצמאן און שפייער.

### קאמיטע

פון הארטפארד דיסטריקט קאמיטע — זיי ערקלערען, אז זיי ארראנזשירען א מיס־מיטינג אויף דעם 13טען ד. מ., צו פייערן דעם זיג אין מאססאטשוזעטס סטייט. זיי בעטען צו ערוויילען א רעדנער צו דעם מיטינג. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבן צום אפיס, צו קריגען א פאסענדען פארטרעטער.

פון בר. 68 — זיי לאדען איין צו שיקען צוויי פארטרעטער צו זייער 15־יעריגען באנקעט, וואס וועט געפייערט ווערען דעם 26טען פעבראור. ערוויילט פריינדע יאקאבי און וואלבערג.

פון דער ניו־יארק סיטי ארגאניזאציאנס־קאמיטע — זיי ערקלערען, אז דער מעדיקאל דעפארטמענט האט ביי זייער לעצטער קאנפערענץ אנגעגריפען די ניו־יארק סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע. זיי פארלאנגען, אז די עקזעקוטיוו זאל נעמען א שטעלונג. דער טשערמאן ערקלערט די פארטרעטער, אז זיי זאלען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע, אונטער וועמעס אויפזיכט זיי שטעהען.

### באריכטען

פר. אייבראמס באריכטעט, אז פר. מאנדעל און ער זיינען געווען ביים 20־יעריגען יובילייאום און באנקעט פון בר. 6 און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו. ביים באנקעט

איז קאָלעקטירט געוואָרען 200 דאָלאַר פאַר'ן רעליף. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. העסקעל באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראַטען ביי דעם באַנקעט פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע". ס'זיינען געווען אַרום 500 פּערזאָנען, אַ סך אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען פאַרטראַטען. דער יום־טוב איז געווען זעהר אַ שיינער. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ליטאַוער באַריכטעט פון דעם סאַניטאַריום יום־טוב אין סאַניטאַריום. ער זאָגט, אַז דער יום־טוב איז געווען אַ הערליכער און די פייערונג האָט אויף אַלעמען געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. פרישוואַסער, טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען געהאַט אַ מיטינג צו פאַרהאַנדלען די פראַגע ווי אַזוי צו אַראַנזשירען די קאָנווענשאָן אין באָסטאָן. זיי האָבען באַשלאָסען צו שיקען אַ קאָמיטע אין באָסטאָן צו זעהן אַ האָל און אויסצוגעפינען צי ס'וועט מעגליך זיין צו אַראַנזשירען אַ פּאַראַד ביי דער ערעפענונג. ס'איז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז די אויסגאַבען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון דער טאָראָנטאָ קאָנווענשאָן קאָמיטע, זאָלען געדעקט ווערען.

פר. באַסקין ערקלערט, אַז פר. יאַנאַס, סעקרעטער פון לייבאָר ליג, האָט געלאָזט וויסען, אַז פאַר דער ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן קאָן מען קריגען בלויז דעם סימפאָני האָל. דיזער האָל איז אָבער ניט אין אַ אידישען געגענד. אָדער מען קאָן קריגען דעם „מעקאַניק־האָל, וועלכער נעמט אַריין אַרום 7000 מענשען.

פר. ישורין ערקלערט, אַז אַלס טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו האָט ער געבעטען, אַז די קאָנווענשאָ קאָמיטע זאָל דערווייל ניט שיקען קיין פאַרטרעטער אין באָסטאָן, ווייל די פאַרטרעטער פון לייבאָר ליג האָבען פאַרשפּראָכען צו מאַכען די פאַרבאַרייטונגס־אַראַנזשמענטס, ווי נעמען אַ האָל א. ד. ג. עס ווערט באַשלאָסען צו באַאויפטראָגען פריינד יאַנאַס'ן צו נעמען דעם סימפאָני האָל פאַר דער ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן.

פר. בערענשטיין באַריכטעט, אַז ער איז געווען באַאויפטראָגט פון אָפיס צו זיין ביי דער ערעפענונג פון דער נייער פּעטערסאָן קאָאָפּעראַטיוו בעקעריי. ער איז דאָרט געווען אַנוועזענד און האָט זיי באַגריסט אין דער נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטער רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס:

איניגע פאָנדס האָבען דעפיציטען פון לעצטען יאָר און די קומענדע קאָמיטעס וועלען זיך מוזען פרטראַכטען וועגען דעם ווי צו מאַכען, אַז זייערע אויסגאַבען זאָלען ניט איבערשטייגען די בודזשעטען פון זייערע פאָנדס.

דער אַדמיניסטראַציאָנס פאָנד האָט צום ערשטען יאַנואַר 1921 געהאַט אַ דעפיציט פון $6,019.93. ער זאָגט, אַז ווען מען זאָל וועלען דעקען דעם דעפיציט פון דעם דאָזיגען פאָנד, האָט מען געדאַרפט האָבען אַ ספּעציעלען אַסעסמענט פון 10 סענט פער מעמבער.

ער דייטעט אָן, אַז ס'וואָלט געווען ווינשענסווערט צו שאַפען אַ ספּעציעלען פאָנד פאַר דעם ביכער־פאַרלאַג, אום מען זאָל ניט דאַרפען באָרגען קיין געלד פאַר דעם צוועק.

ער דייטעט אָן, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף ערוויילען אַ קאָמיטע אויסצואַרבייטען רעקאָמענדיישאָנס צו דער קומענדער קאָנווענשאָן, אויך ערוויילען פאַרטרעטער צו דער נאָמינייישאָן קאָנפערענץ פאַר קאַנדידאַטען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 13טען ד. מ., און די קאָנפערענצען צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. ער ערקלערט, אַז אין ניו־יאָרק וועט די דאָזיגע קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטען ווערען דאָנערשטאָג אָוונט, דעם 3טען מערץ, און אין ברוקלין, זונטאָג ביי טאָג, דעם 6טען מערץ.

ער גיט איבער די אויסגאַבען, וואָס יעדער פאָנד האָט געהאַט אין פאַרלויף פון לעצטען מאָנאַט. דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

אַלס פאַרטרעטער צום יובילייאום פון בר. 49 ווערט ערוויילט פריינד יודיטש.

צו דער עקזעקוטיוו נאָמינייישאָן קאָנפערענץ ווערען ערוויילט פריינדע העסקעל, מאַלאַט, און ישורין אַלס טשערמאַן. צו דער קאָנפערענץ פון ברוקלין, אויף דעם 6טען מערץ, ווערט ערוויילט פריינד עבעריל.

עס ווערט באַשלאָסע, אַז די טשערליוט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס זאָלען צוזאַמענשטעלען די קאָמיטע אויסצואַרבייטען רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאָן.

וועגען פאַרלאַנג פון דער נאַציאָנאַלער באָארד אוו דירעקטאָרען אין באַצוג די 125 דאָלאַר, ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערן, דאָס אַזוי ווי די לעצטע קאָנווענשאָן האָט אָן ענליכע רעקאָמענדאַציע צוריקגעוויזען, קענען מיר דאָס ניט באַוויליגען. זיי קענען אָבער די פראַגע ברענגען נאָכאַמאָל צו דער קאָנווענשאָן.

## רעפּאָרט פון דער גריווענס קאָמיטע

פר. העסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען אין פאַרלויף פון מאָנאַט פאַרהאַנדעלט פאָלגענדע אַפּיעלס:

אַ מיטגליד פון בר. 207 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו פאַרשרייבען אין די פּראָטאָקאָלען, אַז ער איז געפונען געוואָרען שולדיג אין פאַרלוימדונג. דער אַפּעלאַנט האָט געשריבען, אַז ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דער סעקרעטער פון ברענטש פאַרנאַכלעסיגט זיינע פליכטען, אָבער ער האָט קיינעם ניט פאַרלוימדעט. דער ברענטש ווידער האָט גע'טענה'ט, אַז דער באַטרעפענדער פלעגט אַרומגעהן צווישען די מיטגלידער און באַרעדען די באַאַמטע פון ברענטש. ווען מען האָט אים גערופען צו אַ מיטינג און געגעבען אַ מעגליכקייט פאַרצולייגען זיינע באַשולדיגונגען, האָט ער ניט געהאַט קיינע באַווייזע צו באַשטעטיגען דאָס וואָס ער האָט גערעדט פּריוואַט צווישען די מיטגלידער. דער ברענטש האָט אים אויפגעפאָדערט ביים מיטינג עפענטליך צוריקצוציהען זיינע באַליידיגונגען, ער האָט אָבער דערפון זיך ענטזאָגט. דער ברענטש האָט דאַן באַשלאָסען, אַז דער באַטרעפענדער זאָל באַשטראָפט ווערען דערמיט, וואָס אין פּראָטאָקאָל זאָל פאַרשריבען ווערען, אַז ער איז געפונען געוואָרען שולדיג אין פאַרלוימדונג. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשטימט אויפצופאָדערן דעם אַפּעלאַנט, אַז ער זאָל זיך עפענטליך ענטשולדיגען פאַר'ן ברענטש און דאַן זאָל די שטראָף פון אים צוריקגעצויגען ווערען. אין פאַל ער וועט זיך דערפון ענטזאָגען, זאָל דער באַשלוס פון ברענטש גוטגעהייסען ווערען.

אַ מיטגליד פון אַ ניו־יאָרק ברענטש האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים פאַר בלייבען אַרבייטען אין צייט פון סטרייק אַלס פאָרמאַן. די אַרבייטער פון שאַפּ און די יוניאָן האָבען אים געבעטען, אַז ער זאָל אויך פאַרלאָזען דעם שאַפּ, אָבער זייענדיג אין כעס אויף מאַנכע פון די אַרבייטער, וועלכע האָבען אים פאַרלוימדעט פאַר'ן באָס, האָט ער אויס רכע־געפיל זיי ניט געפאָלגט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער באָס אים אַרויסגענומען אין פּאָקיפּסי, וואו ער איז געווען פאַרנומען אין דעם שאַפּ, וואָס דער באָס האָט דאָרט אויפגעפיקסט. דער ברענטש האָט גע'טענה'ט, אַז די יוניאָן ווי אויך דער ברענטש האָבען אים געבעטען ער זאָל אַוועקפאָרען פון פּאָקיפּסי און דערמיט העלפען געווינען דעם סטרייק. ער האָט זיך אָבער דערפון ענטזאָגט, און דער סטרייק האָט פון דעם שטאַרק געליטען. דער ברענטש האָט באַשלאָסען אים צו באַשטראָפען מיט שטרייכען אים פון אַרבייטער־רינג. די גריווענס קאָמיטע, נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז ער איז געווען אַ פאָרמאַן, איז ניט געווען קיין מיטגליד פון דער יוניאָן, האָט באַשלאָסען אַנשטאַט דעם צו באַשטראָפען אים מיט 50 דאָלאַר און צונעמען ביי אים דאָס וואָרט אויף אַ יאָר צייט.

אַ מיטגליד פון בר. 106 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים פאַר ניט באַצאָלען דעם טעקס פון 5 דאָלאַר פאַר'ן לייבאָר ליסעאום. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז דאָס איז אַן אַרבייטער־רינג ליסעאום, וועלכער ווערט געבויט און פאַרענדיגט. אַלע אַרבייטער־רינג מיטגלידער פון שטאָט צאָלען אויס דעם 5 דאָלאַר טעקס צו 65 סענט אַ קוואָרטאַל, נאָר דער באַטרעפענדער האָט אָנגעגעבען פאַרשידענע תרוצים פאַר ניט צאָלען דעם טעקס, אָבוואָהל דער באַשלוס פון טעקס איז שוין געפאַסט געוואָרען אַרום צוויי יאָר צוריק. עס איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש און באַאויפטראָגען דעם אַפּעלאַנט צו באַצאָלען דעם טעקס. (ביז'ן באַשלוס איז ער ריאינסטייטעט געוואָרען דורכ'ן אָפיס.)

אַ מיטגליד פון בר. 816 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים פאַר באַלאָנגען צו אַ רוזוועלט קלוב. ער האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט צום קלוב באַלאָנגט בלויז אום אַרויסצוקריגען זיינע סיטיזען פּייפּערס. ער האָט אָבער ניט געמיינט צו פאַרלעצען די פּרינציפּען פון אַרבייטער־רינג, און יעצט, ווען ער האָט זיינע סיטיזען פּייפּערס, איז ער וויליג פון דאָרט אַרויסצוגעהן און זיך אונטערשרייבען, אַז ער וועט צו יענעם קלוב מער ניט באַלאָנגען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער אַפּעלאַנט זאָל ביים מיטינג פון ברענטש זיך ענטשולדיגען פאַר זיין האַנדלונג און פאַרשפּרעכען אין דער צוקונפט מער אַזעלכעס ניט צו טאָן. דער ברענטש זאָל אים דעם מאָל מוחל זיין און אַרונטערנעמען פון אים די שטראָף. ער ווידער זאָל זיך גלייך צוריקציהען פון דעם קלוב.

אַ מיטגליד פון בר. 389 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו מאָנען פון אים 2 דאָלאַר, אַלס שטראָף פאַר ניט קומען צום יערליכען באָל. ווען דער אַפּיל איז אויסגענומען געוואָרען, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער ברענטש האָט ווירקליך אים באַשטראָפט מיט די 2 דאָלאַר, אָבוואָהל זיי האָבען אויסער דעם אַ יערליכען טעקס פון 1 דאָלאַר צו פאַרגרעסערן דעם רעזערוו פאָנד. עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרונטערצונעמען פון אים די שטראָף און ערקלערען דעם ברענטש, אַז זיי קענען ניט אַרויפלייגען אַ שטראָף אויף אַ מיטגליד פאַר ניט קומען צו קיין באָל, ווען עס איז אין ברענטש ניט באַשטימט געוואָרען קיין ספּעציעלער טעקס, בפרט אין אַזאַ ברענטש, וועלכער האָט אַן ענליכען טעקס פון 1 דאָלאַר פאַר'ן רעזערוו פאָנד.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. פיינערמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסשיקען אויף אַ לעקטשור־טור פּראָפעסאָר חפץ, צו דעקען די שטעט אין די איסטערן סטייטס און די מידל וועסט, אַזוי ווייט ווי אָמאַהאַ, נעב., און די נעהנטערע שטעט אין קענעדע. דער טור ווערט אָבער פאַרלויפיג ניט אַראַנזשירט, ווייל

פּראָפעסאָר חפץ ווייס נאָך ניט באַשטימט ווען ער וועט קענען אַרויספאָרען. דער טור פון א. ראַטמאַן געהט אַן גאַנץ ערפאָלגרייך.

די געלד־זאַמלונגען, וואָס די קינדער פון די אַרבייטער־רינג שולען האָבען געמאַכט, וועלען דערגרייכען אַ סומע פון עטליכע טויזענט דאָלאַר. די פּאַרוואַלטער, די לערער פון די שולען, ווי אויך די נאַצ. עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, זיינען שטאָלץ מיט דעם געפיל פון נאַצ. עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, זיינען שטאָלץ מיט דעם געפיל, וואָס איז איינגעפּלאַנצט געוואָרען אין די קינדער פון אונזערע שולען, צו העלפען אַנדערע קינדער אין נויט.

דער ערשטער נומער „קינדערלאַנד“ איז שוין ערשינען, מיט אַ גאַנץ פּאַסענדען אינהאַלט פאַר אַ קינדער־זשורנאַל. דער ערשטער נומער איז זעהר וואַרים אויפגענומען געוואָרען סיי אין די שולען, סיי צווישען די קינדער אַליין.

די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע האָט אונטערזוכט דעם מיולינג דעפּאַרטמענט פון „פריינד“ אין אָפיס. די הויפּט צרות אין דער ניט־פּינקטליכקייט פון דעם דעפּאַרטמענט איז דאָס, וואָס די בראַנטש־סעקרעטערע שיקען ניט אַריין רעגעלמעסיג די ענדערונגען פון די אַדרעסען פון זייערע מיטגלידער. עס זיינען אָבער אויסער דעם דאָ זאַכען, וועלכע דאַרפען אין דעם דעפּאַרטמענט אַליין אויסגעבעסערט ווערען. די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען אַנצושטעלען צוויי מענשען אויף עטליכע וואָכען, וועלכע זאָלען אָפּטשעקען אַלע פּלאַטען אין „פריינד“ דעפּאַרטמענט מיט די קאַרדס פון אָפיס און גלייך פאַרלאַנגען פון די באַטרעפענדע בראַנטשעס, וועלכע מען האָט אָפּגעטשעקט, צוצושיקען די ריכטיגע אַדרעסען פון די מיטגלידער, וועלכע עס פעלען. אום די אַרבייט זאָל געמאַכט ווערען שנעל און די פּינקטליכע אַדרעסען פון אַלע מיטגלידער זאָלען איינגעאָרדנעט ווערען, איז אויך באַשטימט געוואָרען, אַז אויף אַ געוויסער צייט זאָלען די נייע פּלאַטען אַרויסגעגעבען ווערען צו אַ קאָמפּאַני, זיי צוצוגרייטען, אום די אַנגעשטעלטע פון דעם מיולינג דעפּאַרטמענט אין „פריינד“ זאָלען האָבען גענוג צייט צו ברענגען די גאַנצע אַרבייט אין אָרדענונג.

ס'ווערען אָרגאַניזירט לעקציעס מיט ש. ניגער. די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע בייסטייערט 15 דאָלאַר צו יעדער לעקציע, וואָס דער אַרבייטער־רינג אָרגאַניזירט מיט אים, אויסער די אָרטיגע אויסגאַבען וואָס ווערען געמאַכט.

די באַוועגונג פון אַרבייטער־רינג שולען האַלט זיך אַלץ מער אין אַנטוויקלען. מיר האָבען יעצט 48 שולען איבער'ן לאַנד.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו האָבען דעם לערער־צוזאַמענפאָר אין טאָראָנטאָ, אַבוואָהל די אַלגעמיינע קאָנווענשאָן וועט זיין אין באָסטאָן. אַזוי ווי אין מאַסאַטשוזעטס סטייט זיינען ניטאָ קיין אַרבייטער־רינג שולען, רעקאָמענדירט די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, אַז דער צוזאַמענפאָר זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין טאָראָנטאָ. דער אונטערשיד אין הוצאות פון האָבען די לערער־קאָנווענשאָן דאָרט אָדער אין באָסטאָן וועט באַטרעפען אַרום 200 דאָלאַר. זיי פאַרלאַנגען, אַז די סומע זאָל געדעקט ווערען פון קאָנווענשאָן פאָנד.

ס'איז באַשטימט געוואָרען אַנצושטעלען אַ געהילף צו פריינד ביילין, ווייל סיי די עדיוקיישאַנאַל אַרבייט און סיי די אַרבייט אַרום די שולען איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסען און ס'איז אונמעגליך פאַר איין מענשען דאָס צו אַטענדען.

ס'ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע און באַוויליגען, אַז 150 דאָלאַר זאָל פון קאָנווענשאָן פאָנד בייגעשטייערט ווערען צו דעקען טיילווייז די עקסטראַ אויסגאַבען פון דעם לערער־צוזאַמענפאָר, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם יאָהר אין טאָראָנטאָ.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פריינד יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז דער אָפיס האָט שוין פאַרטיג די טאַבעלען וועגען די קראַנקען־בענעפיטס, וועלכע דאַרפען צוגעשטעלט ווערען צו אונזער עקשוערי מר. על־דרידזש, אויסצואַרבייטען גענויע ציפער וויפיל צו צאָלען עקסטראַ, אום צו העכערן די קראַנקען־בענעפיטס פון 6 דאָלאַר אויף 9 דאָלאַר אַ וואָך. לויט די אויסרעכענונג פון אָפיס, שטיצענדיג זיך אויף דיזע טאַבעלען, וועט מען דאַרפען מאַכען אַן עקסטראַ אַסעסמענט פון 85 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל צו העכערן די קראַנקען־בענעפיטס.

דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט, אַלס ענטפער אויף אונזער פאַרלאַנג צו רעזערווירען דעם נעקסטען קבר פון דר. קלימענקאָ, האָט געלאָזט וויסען, אַז זיי פאַרקויפען ניט קיינע קברים צו רעזערווירען; נאָר אויף מאונט חברון סעמעטערי קענען זיי פאַרקויפען צוויי קברים איינער נעבען צווייטען, און אויב מרס. קלימענקאָ וועט זיין צופרידען איבערצוטראַגען דר. קלימענקאָ'ס קערפּער אויף יענער סעמעטערי, וועלען זיי אָפּגעבען צוויי קברים צוזאַמען. מרס. קלימענקאָ איז וועגען דעם אינפאָרמירט געוואָרען.

אין מאַנכע בראַנטשעס ווערט לוידער פּראַקטיצירט, אַז סערטיפיקייטס זאָלען אונטערשריבען ווערען פון קאָמיטעס ביים מיטינג, אַ זאַך וואָס איז לויט אונזער קאָנסטיטוציע ניט ערלויבט. ביי יעדער געלעגענהייט דייטעט די בענעפיט קאָמיטע אָן אין אַזעלכע פאַלען, אַז דאָס טאָר ניט פּראַקטיצירט ווערען, אַז דאָס זאָלען די בראַנטשעס אויסמיידען

אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג מיט דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד איז לעצטענס אָפּגעהאַלטען געוואָרען, וואו ס'זיינען אַנוועזענד געווען פאָלגענדע דאָקטוירים: דר. האַלפּערן, דר. באַרסקי, דר. געלסאָן, דר. מעריסאָן און דר. רעמבאָ. אויפ'ן טאָגעס־אָרדנונג זיינען געווען צוויי פּונקטען: 1) פּלענער פאַר אַן אַרבייטער־רינג דיספּענסערי אין ניו־יאָרק, 2) בודזשעטען פאַר די ניו־יאָרקער האָספּיטאַלס. די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד האָט באַשטימט, אַז עס איז ניט פּראַקטיש צו גרינדען אַן אייגענע דיספּענסערי, אַז ס'וועט שווער זיין צו האָבען גוטע, קאָמפּעטענטע דאָקטוירים. זיי האָבען דאַרום רעקאָמענדירט בעסער איינצופירען געזונדס־צענטערס (העלטה־צענטערס), לעקציעס איבער היגיענע א. ד. ג. ביי דעם געמיינשאַפטליכען מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד זאָל די פראַגע נאָכאַמאָל פאַרהאַנדלען און זעהן צי ס'וואָלט פיליכט געווען ראַטזאַם צו ערעפענען אין אָנפאַנג אַן אַרבייטער־רינג דיספּענסערי, מיט איין אָפּטיילונג, ווי צום ביישפּיל, אויגען, נאָז און אויערן. ביי דעם געמיינשאַפטליכען מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ טרויער־רעזאָלוציע צו מרס. קלימענקאָ.

פריינד יאַקאָבי גיט איבער, אַז די בודזשעטען פאַר האָספּיטאַלס וועלען דעם יאָהר זיין ווי פאָלגט: פאַר ניו־יאָרק: פאַר בית־ישראל האָספּיטאַל — 700 דאָלאַר, פאַר לבנון האָספּיטאַל 500 דאָלאַר, פאַר מאָנטעפיאָר האָום 500 דאָלאַר און עקסטראַ 100 דאָלאַר צום אָנדענקען פון דר. קלימענקאָ, וועלכער איז מיט יענעם האָספּיטאַל געווען ענג פאַרבונדען. פאַר באַלטימאָר 200 דאָלאַר, פאַר פּעטערסאָן 200 דאָלאַר, פאַר שיקאַגאָ 500 דאָלאַר, פאַר נוּאַרק 200 דאָלאַר, פאַר מאָנטריאָל 200 דאָלאַר, פאַר טאָראָנטאָ 200 דאָלאַר.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. וואָלבערג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמיטע פון פילאַדעלפיא האָט באַזוכט דעם סאַניטאַריום. זיי האָבען געקראָגען זעהר אַ פריינדליכע אויפנאַמע און זיי זיינען אַוועקגעפאָרען באַגייסטערט פאַר דעם אַנשטאַלט.

צו פייערן דעם סאַניטאַריום יום־טוב איז געוואָרען אַ טראַדיציע אין פילע שטעט. דעם יאָהר ווערען אָרגאַניזירט אַזעלכע סאַניטאַריום יום־טובים אין ראָטשעסטער, שיקאַגאָ, פּעטערסאָן און אין אַנדערע שטעט.

די פּאַציענטען פון סאַניטאַריום האָבען צווישען זיך געזאַמעלט אַרום 12 דאָלאַר פאַר דעם „פּענסיל פאָנד“ און דאָס אָפּגעשיקט צום „פאָרווערטס“. אונזערע פּאַציענטען, אַבוואָהל אָפּגעריסען פון דער באַוועגונג, זיינען אָבער דאָך מיט דער נשמה צווישען די אַרבייטער־קרייזען.

דר. האַלפּערן און דר. אַנטאָנאָווסקי זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער פּאָרטש פון האָספּיטאַל צו דער זייט פון מייך זאָל אויפגעפיקסט ווערען אַלס אַ זון־פּאַרלאָר. עס איז באַשטימט געוואָרען צו האַנדלען וועגען דעם ווען די קאָמיטע וועט זיין אין סאַניטאַריום ביי דעם סאַניטאַריום יום־טוב.

מר. גרינבערג, דער געוועזענער טשיקען־מאַן, איז אָנגעקומען אין סאַניטאַריום און האָט איבערגענומען זיין אַרבייט. דער פריהערדיגער פאַרמער איז אַוועק.

די מיטגלידער פון סאַניטאַריום מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָאַרד זיינען געווען אין סאַניטאַריום אויף זייער יערליכען באַזוך און געפונען אַלץ אין זעהר אַ גוטען צושטאַנד.

וועגען אַ קעכין איז ווידער געווען שוועריגקייטען, ווייל, ווי ס'זעהט אויס, האָט קיין קעכין ניט געקענט אויסקומען מיט דעם אַסיסטענט קוק. עס איז אויף אַזאַ אופן אויסגעקומען אַוועקצושיקען אי דעם אַסיסטענט קוק אי די קעכין, פון וועמעס קאָכען די פּאַציענטען זיינען ניט שטאַרק צופרידען געווען. די קעכין, וועלכע איז מיט עטליכע יאָהר צוריק געווען אין סאַניטאַריום, און אויך אַן אַסיסטענט קוק, זיינען יעצט אָנגעשטעלט געוואָרען.

דער סאַניטאַריום יום־טוב אין סאַניטאַריום איז געפייערט געוואָרען שבת דעם 5טען און זונטאָג דעם 6טען פעברואַר. שבת אָווענד איז צו דער געלעגענהייט געגעבען געוואָרען אַ פּראַכטפולער קאָנצערט, וועלכער האָט שטאַרק אַמוזירט אַלע פּאַציענטען און געסט. זונטאָג ביי טאָג איז געווען אַ באַנקעט צוזאַמען מיט די פּאַציענטען, און די קרעפטען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דעם קאָנצערט, האָבען ווידער אַמוזירט דעם עולם. פר. ישורין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, האָט באַגריסט די פּאַציענטען אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע. פר. באַסקין איז געווען טאָוסטמייסטער ביים באַנקעט.

דער 11־טער יערליכער יובילייאום, וואָס איז געפייערט געוואָרען אין סאַניטאַריום דעם 5טען און 6טען ד. מ., איז געווען אַן אמת'ער יום־טוב. די שטימונג סיי צווישען די פּאַציענטען, סיי צווישען די געסט, איז געווען זעהר אַ געהויבענע. עס זיינען אין דער צייט פון דער פייערונג פון יובילייאום אויך גענומען געוואָרען נייע בילדער פון סאַניטאַריום, און ס'וועלען געמאַכט ווערען נייע סטערעאָפּטישע בילדער, צו קענען צייגען ביי בראַנטש אונטערנעמונגען.

די מייטראָן האָט רעזיגנירט פון איר אַמט. איר רעזיגניישאָן איז אָנגענומען געוואָרען.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אין דער 4טער ליג־טו זאָלען די לאַקערס איבערגעטראָגען ווערען אויף דער 2טער זייט פון דער ליג־טו, ווייל דאָס וועט געבען מער באַקוועמליכקייט פאַר די פּאַציענטען און מער פּלאַץ אין דער ליג־טו.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. מאַנדעל, וויסטשערמאַן פון דער קאָמ., באַריכטעט, אַז אונזער ליגעל אדווייזער האָט פאַרשפּראָכען אין גיכען צו פאַרענדיגען די לעגאַלע אַרבייט אין פאַרבינדונג מיט דעם איינפירען פון די 1000 דאָלאַר פּאָליסי. לויט די נייע קאָנסטיטוציע, וועט די איניציאַיישאַן איינצאָלונג דאַרפען זיין 10 דאָלאַר פאַר אַ טויזענט דאָלאַר. דאָס וועט פילייכט מאַכען שוועריגקייטען צו פאַרשפּרייטען די 1000 דאָלאַר אינשורנעס. די אָפיס קאָמיטע דענקט דארום צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן אָפּצושאַפען די איינטריטס־געלט, און אַנשטאָט דעם זאָל יעדער אַפּליקענט איינצאָלען צום מאָרטשוערי פאָנד די איינטריטס־געלט, וואָס זאָל זיין אין פּראָפּאָרציע צו דעם טייל פון קוואָרטאַל, ווען ער ווערט אַריינגענומען אין אַרבייטער־רינג. איידער די רעקאָמענדאַציע צו דער קאָנווענשאָן וועט געבראַכט ווערען, וועט דער אָפיס אונטערזוכען וואָס פאַר אַן אונטערשיד אַזאַ ענדערונג וועט מאַכען אין די איינצאָלונגען פון די מיטגלידער.

די חובות פון די ברענטשעס צום אָפיס באַטרעפען ווידער אַרום 86,000 דאָלאַר. רעדזשיסטרירטע בריף זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די יעניגע ברענטשעס, וועלכע זיינען אַ סך הינטערשטעליג אין זייערע דיוס צום אָפיס.

דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט האָט די לעצטע צייט געקראָגען אַ חיבשע צאָל ברענטש־ביכער צו אונטערזוכען. דאָס צייגט, אַז די ברענטשעס הייבען אָן איינצוזעהן די נויטווענדיגקייט פון אונטערזוכען רעגעלמעסיג זייערע ביכער, אום צו וויסען גענוי דעם פינאַנציעלען צושטאַנד פון זייער אָרגאַניזאַציע.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די טעריטאָריען קאָנפערענצען צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן וועלען דעם יאָר זיין במעט אויף דעם זעלבען פּלאַץ ווי לעצטען יאָר. לויט דער צאָל מיטגלידערשאַפט קענען ערוויילט ווערען 161 דעלעגאַטען. אין ניו־יאָרק וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען צוויי קאָנפערענצען — איינער אין ניו־יאָרק און איינער אין ברוקלין. די ניו־יאָרק קאָנפערענץ וועט זיין באַרעכטיגט צו שיקען 69 דעלעגאַטען און די ברוקלין קאָנפערענץ 10 דעלעגאַטען. אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין זיינען באַזוכט געוואָרען אַ גאַנצע רייה שטעט, וואו ס'זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען מאַסען־פאַרזאַמלונגען און מיטינגען פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

פר. דינערשטיין איז געוועזען פאַרטראָטען אין האַרטפאָרד, ניו־בריטען, ברידזשפּאָרט, וואו ס'זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען דזשאָינט מיטינגען. אויך איז ער געווען אין פילאַדעלפיא ביי דער אָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע און זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען ווייטערדיגער אַרבייט.

אַ ספּעשעל מיטינג איז גערופען געוואָרען פון בר. 90, טרענטאָן, אויפצולעבען זייער טעטיגקייט. פר. א. דינערשטיין איז דאָרט געווען פאַרטראָטען.

פריינד עבעריל איז געוועזען פאַרטראָטען אין בעיאָן, ביי אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג פון די אָרטיגע אַרבייטער־רינג מיטגלידער. אויך איז ער געווען ביים מיטינג פון דער נוואַרק דיסטריקט קאָמיטע.

פר. באַסקין האָט אַדרעסירט אַ גרויסען מאַס־מיטינג אין טאָראָנטאָ, וואוהין ער איז געשיקט געוואָרען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע מיט דער צושטימונג פון דער עקזעקוטיוו. די דאָרטיגע שולען האָבען געהאַט א גרויסען דעפיציט. ווען פריינד באַסקין איז דאָרט געווען, זיינען געזאַמעלט געוואָרען אַרום 5 טויזענט דאָלאַר פאַר די שולען, אום צו דעקען די פּרעסענדע חובות. פר. באַסקין האָט אויך אַדרעסירט אַ דזשאָינט מיטינג אין מאָנטריאָל און אַ מאַס־מיטינג אין האמילטאָן.

בר. 28, נוואַרק, האָט געפייערט זיין יובילייאום דורך אַ מאַס־מיטינג, וואו פר. באַסקין איז געווען פאַרטראָטען און זיי אַדרעסירט.

אין פּעטערסאָן איז ראַנזשירט געוואָרען אַ מאַס־מיטינג און קאָנצערט, אום אויפצולעבען די אַרבייט אין שטאָט. פר. קרינסקי איז דאָרט געווען פאַרטראָטען און גערעדט וועגען ביידע קאַמפּיינס. פר. קרינסקי איז אויך געווען ביים יובילייאום באַנקעט פון בר. 504, וואו ס'איז געשאַפען געוואָרען אַרום 100 דאָלאַר פאַר'ן רעליף.

די מילוואָקי דיסטריקט קאָמיטע האָט געשריבען, אַז ווען פר. אב. עפּשטיין איז דאָרט געווען פון דער פּיפּעלס רעליף, האָבען זיי אים אויסגענוצט פאַר אַרבייטער־רינג פּראָפּאַגאַנדאַ. די מילוואָקי דיסטריקט קאָמיטע ערוואַרט צו האָבען דעם יאָר ערפאָלג אין איר אַרבייט.

די פּיטסבורג דיסטריקט קאָמיטע האָט אַראַנזשירט אַ צוויי־וואָכענדיגען טור צווישען די ברענטשעס פון זייער דיסט., אום זיי צו וועקען פאַר דער אַרבייט פון דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין און צו מאַכען געלט־זאַמלונגען פאַר'ן רעליף. פר. זאָלצמאַן האָט געדעקט דאָרט דעם טור. פאָלגענדע שטעט זיינען פון פר. זאָלצמאַנ'ען באַזוכט געוואָרען: פּיטסבורג, איסט פּיטסבורג, ניו־קעסל, מענעסען, ניו־קענזינגטאָן, ביווער פאָלס, אַלטונאַ און האָומסטעד, וואו ער האָט אינסטאַלירט דעם נייעם ברענטש. אַלע מיטינגען אין די דאָזיגע שטעט זיינען געווען ערפאָלגרייך און די פּיטסבורג דיסטריקט קאָמיטע ערוואַרטעט גוטע רעזולטאַטען פון זייער אַרבייט.

אויפ'ן וועג קיין פּיטסבורג האָט פריינד זאָלצמאַן, זייענדיג אין יוטיקאַ און אין סיראַקיוז, וואוהין ער איז געשיקט געוואָרען פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אויך אַדרעסירט אַרבייטער־רינג מיטינגען אין יענע שטעט.

אין פילאַדעלפיא איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ גרויסער מאַס־מיטינג און קאָנצערט אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין. פר. זאָלצמאַן האָט אַדרעסירט דעם מיטינג און גערעדט דאָרט וועגען ביידע קאַמפּיינס. דער מיטינג איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַוויליגט נאָך 160 דאָלאַר פאַר דער דעטראָיטער דיסטריקט קאָמיטע, אום זיי זאָלען ווייטער קענען אָנגעהן מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, וועלכע זיי האָבען דעם יאָהר גאַנץ ערפאָלגרייך אָנגעפירט.

לויט דעם פאַרלאַנג פון דער קליוולענד דיסטריקט קאָמיטע, איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען פאַר זיי די אויסגאַבען פאַר דרוקען אַן אויפרוף וועגען ביידע קאַמפּיינס, וואָס זאָל פאַנאַנדערגעשיקט ווערען צו אַלע מיטגלידער פון זייער דיסטריקט.

דער סכסוך צווישען דער מינעאַפּאָליס דיסטריקט קאָמיטע און דער סט. פּאָול דיסטריקט קאָמיטע איז געשליכטעט געוואָרען, און ווי ס'זעהט אויס, וועט די סט. פּאָול סיטי קאָמיטע יעצט זיין פאַרטראָטען ביי דער מינעאַפּאָליס דיסטריקט קאָמיטע.

אין בר. 348, נעבראַסקאַ, איז אַ קאַנדידאַט צוריקגעוויזען געוואָרען. צווישען די אַנדערע אורזאַכען פאַר צוריקווייזען אים, איז אָנגעגעבען געוואָרען, אַז ער איז אַן אַנאַרכיסט. אַ בריף איז געשריבען געוואָרען צום ברענטש און זיי ערקלערט, אַז צוליב אַזאַ ריכטונג קען אַ קאַנדידאַט ניט צוריקגעוויזען ווערען.

די פראַגע וועגען אָנפירען אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט איז לעצטענס פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביי דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע האָט באַשלאָסען צו שיקען אין באָסטאָן צוויי פאַרטרעטער, זיך דורכצורעדען מיט דער באָארד און דירעקטאָרס פון לייבאָר ליג. אויך זאָל דערווייל געגרינדעט ווערען אַ ציטווייליגע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין באָסטאָן, וועלכע זאָל באַשטעהן פון פאָלגענדע פּערזאָנען: א. אַדלער, זיידמאַן, משה לעווינסאָן, מ. קאַהאַנאָוויץ, אָסקאַר שטירמאַן, אַ. מילער, דר. פּאַלמער און ס. יאָנאַס.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. י. ישורין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, באַריכטעט, אַז ער איז געווען אין סאַניטאַריום ביי דעם 11טען יערליכען יובילייאום און באַגריסט דאָרט די פּאַציענטען און געסט אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו. דער יום־טוב איז געווען אַן אמת'ער פאַרגעניגען פאַר די, וועלכע זיינען דאָרט אַנוועזענד געווען. ער זאָגט, אַז די שטימונג, וואָס האָט געהערשט די צוויי טעג פון דעם סאַניטאַריום־פעסט, וועט ביי אים פאַרבלייבען אין זכרון אַ לאַנגע צייט. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע פון דריי, וועלכע זאָל אויסאַרבייטען אַ פּלאַן ווי צו פייערן דעם זיג פון קריגען אַ טשאַרטער אין מאַסאַטשוזעטס סטייט. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פריינדע יודיטש, ליטאוער און נעבאַסקין.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ באַגריסונג צו די סטרייקענדע לייידיס ווייסט און דרעס מייקערס יוניאָן און ערמוטיגען זיי אין זייער גערעכטען קאַמף.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

די שניידער־באָסעס וועלען אַזוי קענען פאַרטרייבען די שניידער־אַרבייטער מיט אינדזשאַנקשאָנס פון זייערע פליכטען ווי די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע באַנדעס האָבען עס געקענט מאַן מיט דער רויטער אַרמיי . . .

* * *

דער סאַניטאַריום־טאָג איז ממילא שוין אויך דער אַרבייטער־רינג טאָג. איר קענט אים פייערן שיין און ווירדיג מיט פאַרשלאָגען אַ נייעם מיטגליד אין אייער ברענטש.

---

דאָס לעבען היגיעניש און מעסיג פאַרשפּאָרט רעצעפּטען פון דאָקטוירים. די ריכטיגע דערציהונג פאַר אייערע קינדער וועט פאַרשפּאָרען אין דער צוקונפט צו אַגיטירען זיי מיט פּאַמפלעטען.

* * *

מ'שאַצט שוין ביי אונז די צאָל אַרבייטסלאָזע אויף פיר מיליאָן. נישט קיין וואונדער, וואָס מ'קען שוין ווידער „אַפאָרדען" צו רעדען וועגען אַ מלחמה'לע . . . מ'איז שוין דאַ אָנגעגרייטע שפּייז פאַר די . . . קאַנאָנען!

# ארבייטער-רינג נאמינײשאן קאנפערענץ פאר נאציאנאלע עקזעקוטיוו

אפגעהאלטען זונטאג, דעם 13טען פעברואר, אין „פארווערטס" האל.

## רעזולטאט פון די אפגעגעבענע שטימען:

| ארגאניזאציאנס קאם. | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ל. דינערשטיין | 99 | 177 |
| ב קרינסקי | 132 | 116 |
| י. וויינבערג | 2 | 103 |
| ב. לעוויטאן | 96 | 102 |
| ר. זאלצמאן | 286 | 101 |
| י. ראבערטס | 291 | 89 |
| א בריק | 288 | 88 |
| ס. סילווערמאן | 11 | 71 |
| דרעזינסקי | 20 | 69 |
| ר. אשינסקי | 4 | 62 |
| ס. פאסט | 299 | 61 |
| ס. ראשקין | 88 | 57 |
| א. אבראמאוויץ | 278 | 57 |
| א. הערשקאוויץ | 38 | 45 |
| א. ראזענבערג | 456 | 44 |
| ב. נאוויק | 361 | 37 |
| ס. הארמאוויץ | 364 | 27 |
| ס. ראטשין | 500 | 24 |
| ב. פענסטער | 86 | 20 |
| י. שניידער | 531 | 17 |
| י. ריינשטיין | 608 | 17 |
| ס. לעווין | 25 | 17 |
| ב. קאראנט | 381 | 12 |
| וו. סיימאן | 85 | 9 |
| א. באסט | 455 | 7 |

| גריזוענס קאמיטע | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ר. בלאק | 99 | 128 |
| א. הערמאן | 233 | 100 |
| ב קראפקא | 235 | 91 |
| ס. העססיל | 49 | 84 |
| ב גילמאן | 23 | 83 |
| וו. אייבראמסאן | 216 | 75 |
| א וויינבערג | 185 | 63 |
| ג. פילטינגאף | 351 | 61 |
| ס. ש. סאקראנסקי | 20 | 53 |
| ל. זינדערמאן | 215 | 51 |
| ב. קרעווסקי | 225 | 31 |
| י. פינקעלשטיין | 3 | 29 |
| ה. ליעוואוו | 1 | 21 |
| ס. קויפמאן | 136 | 19 |
| ס פעלדמאן | 367 | 19 |
| ס. סינאסאן | 1 | 18 |
| א. בראדי | 315 | 18 |
| ה שמוקלער | 150 | 16 |
| ל נעלפער | 288 | 16 |
| א קאהען | 3 | 15 |
| א. סאפאזשניק | 25 | 14 |
| א קושנער | 96 | 13 |
| ג אבראמאוויץ | 133 | 13 |
| ר. וועקסלער | 246 | 11 |
| י. באראן | 325 | 12 |
| ל בלום | 286 | 11 |
| א. בעפער | 324 | 11 |
| א. קאהען | 72 | 11 |
| ס. מאשקאוויץ | 278 | 10 |
| ס. ראזענפעלד | 271 | 9 |
| ס. פישביין | 132 | 8 |
| ס. דייוויס | 246 | 8 |
| דזש. ארעלסאן | 259 | 7 |
| א. פעלער | 42 | 7 |
| ס. לאעף | 417 | 7 |
| ד. פאלישאס | 498 | 7 |
| ב. ספאנגען | 33 | 4 |
| ס טשיפמאן | 83 | 3 |
| ה. פעזניק | 331 | 2 |
| ב בייטין | 97 | 1 |

| אפיס קאמיטע | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| וו. אייברעהעמס | 43 | 127 |
| ג. ליטאוער | 386 | 97 |
| ג. פריימאן | 39 | 89 |
| ס. י. ראזענבלאט | 589 | 80 |
| א. גאלדין | 1 | 76 |
| י. ראטהמאן | 49 | 71 |
| א. מאנדעל | 225 | 66 |
| ה. פעלדמאן | 149 | 62 |
| ל. גערטלער | 324 | 60 |
| ב. גארדאן | 286 | 58 |
| א. דאמסקער | 367 | 54 |
| ל. אוזדין | 75 | 49 |
| א. אלעניק | 39 | 49 |
| ג. מעטץ | 501 | 43 |
| א פלאווניק | 224 | 43 |
| י. מינץ | 4 | 40 |
| ס. מאלעצקי | 51 | 81 |
| ב. גאלוב | 99 | 26 |
| א. בערנשטיין | 86 | 24 |
| ס. סאקלאווסקי | 132 | 18 |
| ס. בלום | 206 | 17 |
| י. עסיל | 3 | 16 |
| ה. גיטעלמאן | 608 | 16 |
| ב. דזשייקאבס | 471 | 14 |
| ס. לוריע | 150 | 14 |
| ר. פעלדמאן | 501 | 14 |
| א פריימאן | 183 | 11 |
| ס. לערנער | 55 | 9 |
| ב. פרידמאן | 245 | 9 |
| ס. רובינשטיין | 322 | 9 |
| א. באום | 150 | 8 |
| ל. גיטליץ | 85 | 8 |
| ג פרידמאן | 465 | 8 |
| ס. שאפירא | 133 | 7 |
| ס. קאזעל | 205 | 7 |
| א. זעמעלס | 255 | 7 |
| י. ס. פורמאן | 88 | 6 |
| י. גריימאן | 136 | 5 |
| ה. ל. האנאלעס | 315 | 5 |
| ס. רייצעס | 417 | 5 |
| ס. זעלמאן | 291 | 3 |
| ב. לאעוו | 299 | 3 |
| ד. רוטיצקי | 361 | 3 |
| ע. ערשאווסקי | 183 | 3 |
| טש. פרענק | 498 | 2 |
| א. פלינער | 97 | 1 |

| סאניטאריום קאם. | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ר. נוסקין | 206 | 152 |
| ס. אשפיז | 410 | 148 |
| ס. וואלבערג | 82 | 127 |
| ל. ראטמאן | 195 | 118 |
| ד. נעכאמקין | 500 | 115 |
| ס. ספינראר | 235 | 107 |
| י. קלופט | 150 | 92 |
| ב. פרישוואסער | 49 | 63 |
| ס. דייווידאף | 2 | 59 |
| ב. צוקערמאן | 315 | 40 |
| ס. פרענקעל | 291 | 35 |
| ה. זאטץ | 225 | 30 |
| ב. וואלף | 11 | 22 |
| ס. גאלדשטיין | 82 | 21 |
| ת. מעניך | 80 | 21 |
| ס. האלפערן | 215 | 21 |
| ס. דזשאהנסאן | 6 | 19 |
| ס. יודין | 216 | 15 |
| ד. האלפערן | 132 | 10 |

| סאניטאריום קאם. | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ס. קעלער | 42 | 16 |
| דזש. שאפירא | 3 | 16 |
| א. שניידערמאן | 386 | 16 |
| א. שיפמאן | 50 | 15 |
| ס. פאזנער | 39 | 14 |
| ה ראזענבערג | 20 | 13 |
| ד. שולמאן | 55 | 12 |
| וו. בליי | 11 | 12 |
| ר. ברעסלאוו | 35 | 12 |
| י. בערמאן | 608 | 11 |
| ה. האפמאן | 570 | 11 |
| ס. פאזנער | 24 | 10 |
| ה. יאפע | 501 | 10 |
| פ. איזמאלאווסקי | 153 | 10 |
| ס. מאנדעל | 260 | 9 |
| א. האפמאן | 97 | 8 |
| נ מילער | 548 | 8 |
| דזש. לעווין | 861 | 7 |
| ס. האלפער | 462 | 7 |
| דזש. בראון | 38 | 7 |
| ס. יארלאווקין | 1 | 6 |
| י. פאדאלסקי | 25 | 6 |
| ל. פאסטערנאק | 54 | 6 |
| י. פרוזשאנסקי | 205 | 5 |
| ס. סאבעל | 417 | 5 |
| ס לעבאוויץ | 139 | 5 |
| ס. הורעס | 230 | 5 |
| ס. דייוויד | 278 | 5 |
| ס. אובאגי | 58 | 5 |
| י. גאלדמאן | 259 | 4 |
| ס. ס. רייענסאן | 297 | 4 |
| ס. מראי | 324 | 4 |
| טש. סלימאוויץ | 436 | 4 |
| ס. קופער | 50 | 4 |
| דזש. קארפאס | 83 | 4 |
| א. קאהען | 96 | 3 |
| ס פישער | 471 | 3 |
| ס. קווין | 96 | 2 |
| ס. סופים | 50 | 2 |
| טש. לאטאוויצקי | 50 | 2 |
| ס. טשערנעצקי | 85 | 1 |
| ג. קראסנער | 185 | 1 |

| בענעפיט קאמיטע | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ס. יאקאבי | 93 | 98 |
| ס. ס. מאלאט | 183 | 88 |
| י. מאלקין | 147 | 87 |
| ס. פרידמאן | 28 | 73 |
| ל. בראון | 59 | 67 |
| ל. ביילין | 99 | 66 |
| ס גאלדראווסקי | 64 | 65 |
| ס. פינקעלשטיין | 386 | 63 |
| א פיקוס | 206 | 51 |
| ס. סאפערמאן | 2 | 50 |
| ס ערעלסאן | 560 | 48 |
| ס. קאהען | 367 | 44 |
| א גאטליעב | 8 | 33 |
| י. גרינשפאן | 507 | 28 |
| ס. ראטהשטיין | 4 | 27 |
| א. זאנער | 88 | 25 |
| דזש. שענקער | 286 | 25 |
| ה. קליינמאן | 42 | 24 |
| וו. קאהן | 39 | 23 |
| ס. מינטץ | 50 | 20 |
| י. סוטין | 146 | 19 |
| ס העלער | 5 | 18 |
| י. וואלאווסקי | 82 | 18 |

| בענעפיט קאמיטע | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| פ. לעמבעק | 42 | 17 |
| א. קאמענעטייקער | 183 | 13 |
| דזש. שיפמאן | 245 | 12 |
| ס. סאפיר | 545 | 11 |
| פ. לעווין | 88 | 11 |
| וו. מינאוויץ | 64 | 11 |
| ב. בראונשטיין | 278 | 10 |
| טש. וויינטרויב | 822 | 10 |
| ב. ראזענטהאל | 324 | 9 |
| ל בראזעל | 570 | 9 |
| א. גרינבוים | 50 | 8 |
| י. סקלארסקי | 85 | 8 |
| ד. עפשטיין | 64 | 8 |
| נ. פישמאן | 417 | 8 |
| נ ניגרין | 89 | 8 |
| ב. באום | 831 | 6 |
| ר. פערצינער | 139 | 6 |
| ס. שערמאן | 83 | 6 |
| ב. שעראוו | 51 | 6 |
| ס. פלאווין | 96 | 5 |
| ס לאקטער | 548 | 4 |
| א. שטיינזער | 259 | 3 |
| דזש. רחיין | 54 | 2 |
| א קולאווסקי | 48 | 2 |

| עדיוקײשאנאל קאם. | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ת. בורנין | 49 | 156 |
| א. ליעסין | 75 | 121 |
| ה. לאנג | 64 | 119 |
| ב. האפמאן | 275 | 107 |
| ס. בערנשטיין | 149 | 93 |
| י. לעווין | 96 | 91 |
| ס. גורעוויץ | 33 | 72 |
| נ. כאנין | 99 | 68 |
| ד. אלבערם | 50 | 61 |
| ד שקליאר | 367 | 58 |
| ד גארדאן | 275 | 55 |
| ל. גאטליעב | 49 | 55 |
| ד. הערשבערג | 20 | 46 |
| ב. וולאדעק | 4 | 40 |
| ס. שאפירא | 42 | 34 |
| ר. סיגעל | 550 | 34 |
| ד. ב. גערטלער | 324 | 25 |
| ת. זאקסהיים | 8 | 24 |
| ס גינזבערג | 11 | 24 |
| ס רוסאנאוו | 99 | 18 |
| י. גאלדשטיין | 91 | 17 |
| ב. לעווין | 201 | 17 |
| א. ריווקין | 25 | 15 |
| טש. שושאן | 295 | 15 |
| טש. בוראוויק | 50 | 11 |
| א. וויענער | 698 | 11 |
| ז. שווארץ | 11 | 11 |
| א. קעלער | 83 | 8 |
| ס. גולער | 498 | 6 |
| א. גיוולאן | 455 | 5 |
| ס. סינאווסקי | 260 | 4 |
| א. ריינליעב | 150 | 4 |
| ס. זעלמאן | 185 | 1 |

א. דינערשטיין, בר. 99, טשערמאן.

ס. איוועוסקי, בר. 194, סעקרעטער.
ב. וואלאוויטץ, ברענטש 43
א. לאננער, ברענטש 42
ס. מינדליג, ברענטש 107
צעהלער קאמיטע.

די ערשטע צען פון יעדער קאמיטע, וועלכע האבען געקראגען די גרעסטע צאל שטימען, וועלען געהן צו ארעפערענדום-אבשטימונג ב יידי ברענטשעס.

בלויז פינף דארפען ערווײלט ווערען אין יעדער אויבענדערמאנטער קאמיטע.

---

# פראטאקאלען פון דיסטריקט קאנפערענצען

## די טעריטאריעלע קאנפערענץ פון סאוטהערן קאליפארניע

ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 27טען פעברואר, 10 א זייגער אין דער פריה, פון סיטי און דיסטריקט טשערמאן, פריינד אהרן שאפירא.

די פאלגענדע ברענטשעס זיינען פארטראטען: א. גאלדפיין, ס. פינקעלשטיין, פון בר. 248; א. שאפירא, ל. גיישטיין, י. סטיין, פון בר. 443; ל. פארטער, פון בר. 512; ה. שער, בר. 655; נ. בוכמאן, בר. 538, סאן דיעגא; ק. פאול, בר. 643, לאנג ביטש; ב. סניפער, בר. 659, סאנטא בארבארא. חיים לייב סיימאנס איז פארטראטען פון דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע. אלס טשערמאן פון דער ערשטער זיצונג ווערט ערוועהלט פריינד אהרן שאפירא. אלס סעקרעטער, פר. ח. ל. סיימאנס.

פר. אב. עפשטיין, נעוועזענער טשערמאן פון א. ר., וועלכער מאכט א רייזע איבער'ן סטייט פאר די אינטערעסען פון דער פיפעלס רעליף, באגריסט די קאנפערענץ מיט א הארציגער ווארימער רעדע, וואו ער צייגט אן די וויכטיגקייט און די נויטווענדיגקייט פאר דעם ראדיקאלען עולם. אריינצווארפען זיך אין דער ארבייט פון דער פיפעלס רעליף, וועמעס הויפט אויפגאבע איז צו פארזארגען אונזערע אומגליקליכע מלחמה און פאגראם קרבנות מיט עטוואס מער ווי ברויט אליין פאר'ן קערפער, נאר שפייז פאר די נשמה אויך, און ער האפט, אז די לאס אנדזשעלעסער, ווי אויך די ארומיגע גענאסען, וועלען טאן זייער פליכט אין העלפען צו מאכען זיין רייזע פאר אן ערפאלג. ער דריקט אויך אויס צופרידענהייט מיט דעם, וואס אין אזעלכע ווייטע מקומות, ווי קאליפארניע, האט ער געטראפען אזעלכע געטרייע הארציגע גענאסען און איבערגעבענע ארבייטער־רינג מעמבערס, וועלכע זיינען א שטאלץ פאר דער היגער ראדיקאלער באפעלקערונג בפרט און פאר די איסטערן חברים בכלל. ער שטעלט זיך אויך אפ אויף די וויכטיגע אויפגאבען, וועלכע שטעהען פאר היינטיגען יאר פאר די דעלעגאטען צו דער קאנוועשאן, און דאס איז די ארבייטער־רינג שולען, וועלכע נייטיגען זיך אין א גרעסערען בודזשעט, כדי צו קאנען אנפירען די ארבייט ערפאלגרייך. עס איז אויך פשוט א נויטוועדינקייט צו פארגרעסערן דעם פאנד פון אונזער מאנאטליכען זשורנאל, דעם „פריינד“, און ווי אויך די דורכפירונג פון אן „אלד האום“.

באגייסטערטע באגריסונגס־רעדעס ווערען געהאלטען פון י. האכבערג, ה. שער, פון דער סאציאליסטישער פארטיי, ל. פארטער, פון דער מאדערנער שולע, ראדין, פון סאן דיעגא, ק. פאול, פון לאנג ביטש, שאפירא, פון לאס אנדזשעלעסער סאניטאריום, ה. ל. סיימאנס, פון דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע, י. פארבער, ל. גיישטיין, פר. נינזבערג, רעדאקטאר פון די פאסיפישע פאלקס־צייטונג, און דר. קאוויטאק, פון דעם מעדיקאל פאנד פאר סאוויעט רוסלאנד.

א רעזאלוציאנס קאמיטע ווערט ערוועהלט פון די פאלגענדע פריינד: ה. שער, לאס אנדזשעלעס; נ. בוכמאן, סאן דיעגא; ל. פארטער, ל. א. עס ווערט פארגענומען די ערוועהלונג פון א טשערמאן פאר דער צווייטער זיצונג, און פריינד שער ווערט ערוועהלט.

צווייטע זיצונג ווערט ערעפענט 2 א זייגער נאכמיטאג, פון טשערמאן פר. שער.

עס ווערט באשלאסען צו שיקען א טרייסט־טעלעגראמע צו יודזשין וו. דעבס.

באריכטען:

פר. סיימאנס באריכטעט פון דער לעצטער קאנפערענץ, וואו אלע באשלוסען זיינען דורכגעפירט געווארען פון דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע, צו דער צופרידענהייט פון אלע מיטגלידער. ער פארלאנגט, אז די קאנפערענץ זאל גוטהייסען די האנדלונג פון דער אויבען־דערמאנטער קאמיטע אין באצוג די איבערבייטונג פון די פלעצער פאר דער לעצטער סטייט קאנפערענץ. די קאמיטע, נעמענדיג אין אנבאטראכט דעם גערעכטען פארלאנג פון די נארטהערן ברענטשעס און ווי אויך די וויכטיגקייט פאר דער פארגרעסערונג פון דעם ארבייטער־רינג אויף דעם פאסיפישען ברעג, איז געווען געצוואונגען איבערצופירען די סטייט קאנפערענץ פון סאן דיעגא נאך פרעזנא. פר. סיימאנס, האפט, אז די דעלעגאטען וועלען האבען איינזעהעניש און גוטהייסען די האנדלונג.

דער באריכט ווערט גוטגעהייסען און די דיסטריקט קאמיטע ווערט באדאנקט.

פריינד ש. עלשטיין פון דער אמאלגאמייטעד יוניאן באגריסט די קאנפערענץ. אין קורצע ווערטער גיט ער איבער די צושטאנדען ווי אויך די האנדלונג פון די באלעבאטים אין ווילען פארניכטען די אויבען דערמאנטע קערפערשאפט, און ער דריקט אויס זיין האפענונג, אז די ארבייטער־רינג מיטגלידער וועלען ניט אוועקשטעהן און העלפען זיי אין גערעכטען קאמף, וואס זיי פירען אן פאר זייער עקזיסטענץ.

עס ווערען אויסגעהערט באריכטען פון אלע ברענטש־פארטרעטער, פון דער ארבייט, וועלכע איז אפגעטאן געווארען פאר דעם פארגאנגענעם יאר, און די קאנפערענץ דריקט אויס א הארצליכען דאנק צו אלע ארבייטער־רינג מיטגלידער און ברענטשעס פון סאוטהערן דיסטריקט פאר זייער אומערמידליכער, שיינער און נאבעלער ארבייט, וועלכע זיי טוען אויף אויף אלע געביטען, וועלכע פארשאפט כבוד דע גאנצען א. ר.

ארבייטער־רינג שולע. א קאמיטע פון די פריינדע שער, פארבער און גיישטיין ווערען ערוועהלט צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט די דירעקטארען פון דער מאדערנער שולע און זעהן געמיינשאפטליך אויסצוארבייטען געוויסע פלענער ווי אזוי אמשנעלסטען צו קענען עפענען די ארבייטער־רינג שולע.

### די אנפירונג פון ארגאניזאציאנס־ארבייט און עדיוקיישאנאל ארבייט פאר'ן סאוטהערן דיסטריקט

די קאנפערענץ באשליסט איבערצוגעבען צו דער דיסטריקט קאם. מיט דעם רעכט צו געברויכען אירגענד וועלכען פאסענדען מיטעל און אנצופירען און דורכפירען די ארבייט ערפאלגרייך.

### רעקאמענדיישאנס צו דער ארבייטער־רינג קאנוועשאן ווערען פארגענומען

און עס ווערט באשלאסען צו אינסטרואירען אונזערע דעלעגאטען צו פאדערען פון קאנוועשאן, ספעציעל פאר לאס אנדזשעלעס, פאלגענדעס:

1. צוויי טויזענד דאלאר פאר די קראנקע ארבייטער־רינג מעמבערס, וועלכע קומען נאך לאס אנדזשעלעס.

2. די קאנוועשאן זאל פאסען א רעזאלוציע ווי אויך א היבשע סומע געלט צו באווילינען פאר דעם ארבייטער־רינג אדמיניסטראציע־בנין, וועלכע קאליפארניא ארבייטער־רינג ברענטשעס האבען אונטערנומען צו בויען אויפ'ן באדען פון דעם לאס אנדזשעלעסער סאניטאריום.

עס ווערט אויך באשלאסען, אז די ערוועהלטע דעלעגאטען זאלען אנוועזענד זיין ביי די לאס־אנדזשעלעסער סיטי און דיסטריקט קאמיטע מיטינגען איידער זיי פארען אפ צו דער קאנוועשאן, כדי באקאנט צו ווערען מיט פיל פראגען, וועלכע וועלען דארפען פארגעבראכט ווערען צו דער קאנוועשאן.

עס ווערט פארגעבראכט די ערוועהלונג פון צוויי דעלעגאטען פאר דער 21טער קאנוועשאן. דער סעקרעטער לעזט פאר די נעמען פון די נאמינירטע קאנדידאטען, וועלכע זיינען ווי פאלגט: בר. 114, סאן פראנציסקא, י. ראזענבערג; בר. 287, אוקלאנד, י. בראכמאן; בר. 304, סיאטעל, ב. שייפער; בר. 248, דזש. לעוויט; בר. 443, י. סטיין; בר. 512, י. סיזנאר; בר. 655, מ. קאדיש; בר. 659, סאנטא בארבארא, חיים לייב סיימאנס.

נאכדעם ווי די צעהלונגס־קמיטע באריכטעט, אז פריינד י. איזנאר פון בר. 512 און פר. י. בראכמאן פון בר. 287, אוקלאנד, האבען געקראגען די מערצאל שטימען, ווערט באשלאסען פון קאנפערענץ צו דערקלערען די אויבען דערמאנטע פריינדע איינשטימיג ערוועהלט אלס אונזערע געזעצליכע דעלעגאטען צו פארטרעטען ביי דער 21טען קאנוועשאן, וועלכע וועט אפגעהאלטען ווערען אין באסטאן, מאס., אין חודש מאי.

פריינד סטיין פון בר. 443 און פריינד ראזענבערג פון בר. 114 ווערען ערוועהלט אלס „סאבסטיטוטס“ אין פאל די דעלעגאטען וועלען דורך געוויסע צופאלען ניט קענען פארען צו דער קאנוועשאן.

עס ווערט באשלאסען די נעקסטע טעריטאריעלע קאנפערענץ אפצוהאלטען אין סאן דיעגא.

### אנגענומענע רעזאלוציעס ביי דער קאנפערענץ:

עס ווערט אנגענומען א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די ברענטשעס און דעם ראדיקאלען עולם אין אלגעמיין, אז זיי זאלען אונטערשטיצען ווי ווייט מעגליך די מאדערנע שולע אין לאס־אנדזשעלעס, און די קאנוועשאן זאל די אויבען דערמאנטע אינסטיטוציע אריינרעכענען צו די, וועלכע דארף און מוז נעשטיצט ווערען פון די ארבייטער־רינג מיטגלידער אין אלגעמיין.

א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די ברענטשעס, אז זיי זאלען ארויסהעלפען צו שאפען געלט פאר דעם מעדיצינישען פאנד פאר סאוויעט רוסלאנד, וועלכע עס איז א הייליגער חוב פון אלע ארבייטער־רינג מיטגלידער צו באטייליגען זיך אין אזא נאבעלער ארבייט.

א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די ברענטשעס בפרט און די מיטגלידער בכלל אויפ'ן פאסיפישען ברעג, צו אונטערשטיצען די פאסיפישע פאלקס־צייטונג און צו פארזיכערן איר עקזיסטענץ מיט דעם וואס אלע מיטגלידער וועלען קויפען שערס. עס איז פון גרויס וויכטינקייט, אז די פאלקס־צייטונג זאל עקזיסטירען ספעציעל פאר די ארבייטער־רינג מיטגלידער, וועלכע שטרעבען צו פארווירקליכען דעם אידעאל פאר א בעסערער און שענערער צוקונפט, און דאס קאן אונז שנעלער ברענגען צום ציל, ווען אונזערע געדאנקען ווערען פארשפרייט פון דעם געשריבענעם ווארט, און די פאלקס־צייטונג איז די, וועלכע פארדינט אונזער צוטרויען, און איר עקזיסטענץ איז פשוט א נויטווינדינקייט פאר דעם רעכטדענקענדען עולם אויפ'ן פאסיפישען ברעג.

א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די ארבייטער־רינג ברענטשעס בפרט, און די מיטגלידער בכלל, אז זיי זאלען ווי ווייט מעגליך אונטערשטיצען דעם גערעכטען קאמף, וואס די אמאלגאמייטעד יוניאן פירט אן קעגען די באלעבאטים, וואו די לעצטע טרייען מיט פארשידענע מיטלען צו צוברעכען די יוניאן.

א רעזאלוציע, וואו מען פאדערט אויף די ארבייטער־רינג מיטגלידער ספעציעל אין לאס אנדזשעלעס ארויסצוהעלפען די קאאפעראטיווע בעקעריי אין איר ארבייט פאר איר ווייטערדיגען עקזיסטענץ און נאר צו געברויכען ברויט, וואס עס ווערט געבאקען אין דער קאאפעראטיווער בעקעריי, און ווי אויך ניט צאלען קיין אויפמערקזאמקייט צו די ביליגערע ברויטען, וועלכע ווערען פארקויפט פון אנדערע בעקערייען, וואס דאס איז בלויז אויף א ווילע, כדי צו קענען צוברעכען די קאאפעראטיווע בעקעריי.

פריינד פארטער, טשערמאן פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע, באריכטעט; אז עס איז פארבליבען א היבשע ביסעל רעזאלוציעס, וועלכע זיינען דורך מאנגעל אין צייט ניט געקענט צוזאמענגעשטעלט ווערען. ער רעקאמענדירט, אז די איבערגעבליבענע רעזאלוציעס, וועלכע דארפען אויסגעארבייט ווערען, זאלען פארגעבראכט ווערען ביי דער סיטי און דיסטריקט קאמיטע פאר גוטצוהייסען. די רעקאמענדיישאן ווערט פון קאנפערענץ אנגענומען.

עס ווערט אויך באשלאסען אויפצופאדערען די ברענטשעס, ווי אויך די מיטגלידער, זיך ניט צו באנוצען מיט קיין דערקלערונגען וועגען געוויסע אינצידענטען אין צייטונגען, וועלכע זיינען ניט אינדארסירט פון דער ראדיקאלער ארבייטער־באוועגונג.

מיט דעם ווערט די קאנפערענץ געשלאסען.

חיים לייב סיימאנס, סעק.

## נארטהערן ניו־יארק טעריטאריעלע קאנפ.

רעפארט פון דער טעריטאריעלער קאנפערענץ, וואס איז פארגעקומען אין מאנטיסעלא, זונטאג, דעם 6טען מערץ.

די פאלגענדע ברענטשעס זיינען געוועזען פארטראטען אויף דער קאנפערענץ דורך די פריינדע: דזש. פאנטייל, בר. 302; מאקס מענדעלסאן, בר. 281; א. באם, בר. 610; ראלף באלקאף, בר. 361.

פאלגענדע רעקאמענדאציעס צום ערוועהלטען דעלעגאט צו דער קאנווענשאן זיינען אנגענומען געווארען:

די קאנוועשאן זאל אינדארסירען די קאאפעראטיוו אינשורענס קאמפאניע; די קאנוועשאן זאל באשליסען, אז די סאניטאריום קאמיטע, וועלכע באשטעהט פון פינף פערזאן, זאל פארגרעסערט ווערען אויף זיבען. די לעצטע צוויי זאלען באשטעהן פון אזעלכע, וואס געפינען זיך א שטונדע רייזע פון סאניטאריום; די פארזאמעלטע ברענטשעס זאלען זיין פאראייניגט דורך א קאמיטע וואס זאל זיך צוזאמענקומען איינמאל אין מאנאט.

נאך פילע רעדעס פון געסט און דעלעגאטען איז די קאנפערענץ געשלאסען געווארען מיט גרויס באגייסטערונג.

## נארט־וועסטערן קאנפערענץ

די קאנפערענץ פון דיסטריקט ווערט ערעפענט אום צען א זייגער דורך פריינד קאפלאן.

פריינד מאפסאן ווערט ערוועהלט אלס טשערמאן פון דער ערשטער זיצונג. נ. הלל, סעקרעטאר.

א קרעדענשעל קאמיטע איז ערוועהלט געווארען פון די פריינדע זאלקאוו און קאפלאן, וועלכע רעקאמענדירען צוצולאזען פאלגענדע דעלעגאטען:

אשעראוו פון בר. 170, דעסמאינעס; זאלקאוו, מאפסאן, מיטשעל, פון בר. 173, אמאהא; ווייסבערג, סילווער, מאראן, פון בר. 186, סיו־סיטי; רובינשטיין, פון בר. 258, סאוט אמאהא; נייטע, הלל, מ. יאפע, פון בר. 348, לינקאלן; לינדערבלום, מיטשעל, סטיין, פון בר. 626, אמאהא. פר. קאפלאן ווערט צוגעלאזען מיט בעראטונגס־רעכט.

פאלגענדער טאגעס־ארדנונג ווערט אנגענומען:

1) פראטאקאל פארלעזען, 2) באריכט פון סעק. 3) באריכט פון ברענטשעס, 4) אונזער באציהונג צום אוקראינער פארבאנד, 5) פיפעלס רעליף קאנפערענץ, 6) דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, 7 בירגער־קלאסען, 8) מעגליכקייט פון שטארקערע איינפלוס אויף די ברענטשעס, 9) מעגליכקייט פו אונזער עקזיסטענץ, 10) דאטום און פלאץ פון נעקסטער קאנפערענץ, 11) עלעקשאן פון באאמטע 12) וואהל אם בעכטען.

דער פראטאקאל ווערט פארגעלעזען און גוט נעהייסען.

דער סעק. האט פארגעלעזען דעם באריכט. ער האט זיך אפגעשטעלט הויפטזעכליך אויף די צוויי באשלוסען פון לעצטער קאנפערענץ, נעמליך: גרינדען נייע ברענטשעס און באזוכען די אלטע. וואס אנבאלאנגט דער ערשטער פראגע האט ער זיך געווענדט צו די ראדיקאלע צייטונגען נאך אדרעסען פון לעזער. דער „פארווערטס“ האט צוגעזאגט צ שיקען אזוי שנעל ווי מעגליך, און ביז יעצט האט ער נאך קיין נעמען ניט געקראגען. אזוי ווי קיי אנדערע פארבינדונגען האט ער נישט געהאט, האט ער געמוזט אויפגעבען די ארבייט, און וואס אנ באלאנגט דער צווייטער טייל זיינען פאלגענדע ברענטשעס באזוכט געווארען: סיו סיטי דורך נ. הילל און לאנגער, אמאהא דורך נ. הילל, לינקאל דורך לערנער, דעסמאינס דורך ס. לערנער. די באציהונגען פון סעק. מיט די פארשטעהער פון דיסט ריקט זיינען געוועזען נארמאל, מיט דער אויסנא פון אמאהא ברענטשעס, וואו פר. קאפלאן איז גע ווען געצוואונגען צו קומען אין אמאהא צוזאמע צושטעלען א סיטי דיסט. קאמיטע מיט לערנע אלס סעק. אויך ווערט באשלאסען צו רופען מאס־מיטינג פון אלע ברענטשעס, וואו די סקו

ראגע ווערט באהאנדעלט. פריינד באקאל און נ. ילל ווערען געשיקט צום מיטינג. ער באריכטעט ויך, אז ביי דער אינסטאליישאן פון לייבאר ליי־עאום אין סיו סיטי ווערט געהאלטען א קליינע אנפערענץ, וועלכע באשליסט צו האבען צו 4 לעק־שורס אין איטליכען ברענטש, וואו לערנער און אקאל האבען נעדארפט זיין די לעקטשורערס. אויך א נעפינט ער א שטערונג, ווייל צוליב באשטימטע ורזאכען האט לערנער זיך צוריקגעצויגען פון דער רבייט. אבער נים קוקענדיג אויף אט די אלע וועריגקייטען זיינען פאלגענדע ברענטשעס בא־יכט נעווארען: לינקאלן 2 לעקטשורס, אמאהא 2, עמאינס 1. ער באריכטעט אויך, אז עס איז נצט דא א דעפיציט אין טרעזשורי אויף 35 דא־אר, און דאס חוץ דעמאינס האט נאך קיינער נישט עשיקט די 10־סענטינע, וועלכע זיינען באשלאסען י צאלען נאך פון לעצטען דזשולאי.

דער סעק. ווערט געבעטען צוצושטעלען א פולען ינאנציעלען באריכט צום נעקסטען מיטינג, און אך פילע פראגען און אנטווארטען ווערט דער אריכט גוטגעהייסען.

עס ווערט באשלאסען צו ערוויילען א רולס און עגולײשאן קאמיטע, א רעזאלוציאן קאמיטע, וועל־ן באשטעהט פון פאלגענדע פריינדע: נייטען ילל, זעליקאף, און ליליענבאום.

עס ווערען אפגעגעבען באריכטען פון קאמי־ען, וועלכע האבען באזוכט ברענטשעס, און זייי־ע באריכטען ווערען גוטגעהייסען. אין די בא־יכטען פון די ברענטשעס ציינט זיך ארויס, אז ם קוקענדיג, וואס אין מאנכע ברענטשעס ווערט נבעדינער, איז עס דאך וויים נישט צופרידענ־טעלענד, און פאלגענדע אורזאכען ווערען אנגע־בען: דעמאינס — ווייל די אנדערע ארגאניזא־עס, ווי פועלי־ציון און נאציאנאלער ארבייטער־ורבאנד, נעמען אוועק אלע גוטע מיטגלידער. ־ידער.

בר. 626 האט נישט נעהאט קיין האל צו מיטען. דער באריכט פון סאוט אמאהא איז, אז זיי ־ינען אלע נעזונט און דאך צאלען זיי די בילס ווען ־ן קומט מאנען. און ווירקליך, פון אלע באריכ־ן ציינט זיך ארויס, דאס נישט קוקענדיג וואס ־ו סיטי האט נישט קיין געלט אין טרעזשורי, ־גט זי דאך פאר דער צייט באוויזען צו האבען איינענע היים און דער גרעסטער טייל געלט פון נעספענטע 13,000 דאלאר איז שוין באלד אויס־צאלט, און דאך איז קיין סטאק נישט נעגעבען ווארען. אויך האבען זיי ארייננענומען 15 נייע ־טגלידער. אויך דער ברענטש אין לינקאלן, ביי ־נמען די קאסע איז אויסגעליידיגט צוליב די פיל ־אנקע מיטגלידער, וועלכע קריגען צו 2 דאלאר וואך עקסטרא, האט דער ברענטש באוויזען צו ־בען א דעבס קאמפיין און זאמלען מער ווי 125 ־לאר פון מיטלידער אליין, און ווי ביי איינעם, ־וי ביי דעם צווייטען ברענטש, ווערען די מיטינ־ן גוט באזוכט און פראגען ווערען לעבעדיג בא־ראכען. און וואס אנבאלאנגט די לעקטשורס, ־רען זיי פארשידען באזוכט. נעמליך, אין דע־ינס איז עס נעווען באזוכט פון 90 מענשען, ־קאלן פון 40 ביז 50, אמאהא פון נאך וויינינער. ־ער די אורזאך איז ווייל די אראנזשמענטס ־כען נעווען שלעכטע. עס ווערען פילע פראגען ־שטעלט, הייסע דעבאטען ארויסגערופען. מען ־רמאנט ווידער סיו סיטי, וואו 7 מענשען האבען ־יפצושטעלען א בילדינג און 6 מאנאט צייט אז ־מענס נעלט, דערפאר ווייל 7 טעטיגע מיטגלי־ר קאנען צו זיך צוציהען פילע אפגעשטאנענע.

־ן עס ווערט באשלאסען צו באנייען די ארבייט ־ אמאהא פון נעקסטען מאנאט אז, וואו פריינד ־פלאן ווערט נעשיקט צו פארטרעטען דעם דיסט־־קט צו דעם יארעספעסט פון בר. 626.

עס פאלגט נאמינײשאן פאר טשערמאן. פר. ־ליקאוו ווערט ערוויילט.

־ מיט דעם ערקלערט דער טשערמאן די ערשטע ־ונג נעשלאסען.

־צווייטע זיצונג, שבת דעם 25טען, 4.30 א זייגער.

־ער טשערמאן ערעפענט די צווייטע זיצונג. עס ־רט אנגענומען די רעקאמענדיישאן פון רולס ־ רעגולײשאנס קאמיטע, דאס מען זאל מער ־איין מאל נישט רעדען אין א פראגע. פונקט ־ועגען אונזערע באציהונגען צום אוקראינער פאר־ד. אט די דאזינע פראגע פארנעמט דעם גרעס־־ טייל פון אווענט און עס ווערט באשלאסען, ־די רעזאלוציאנס קאמיטע זאל ארויסברענגען א ־אלוציע, וועלכע ווערט אנגענומען מיט אן אויס־־ערונג. פאלגענדעס איז די רעזאלוציע:

־אין אנבאטראכט, דאס די עקזיסטירענדע רע־־ארגאניזאציעס אין אמעריקא קאנען גרייכען ־ויעטען־רוסלאנד פאר אלגעמיינע רעליף,

־אין אנבאטראכט, דאס ביז יעצט איז רעליף ־עבען נעווארען דארט, וואו די נויט איז נעווען ־שטארקסטען,

־אין אנבאטראכט, דאס דער אוקראינער פאר־־ד נעמט אריין נאר א טייל פון סאוויעטען־־לאנד און זייער אפגעזונדערטקייט וועט ערשט ־רען דער אלגעמיינער רעליף־ארבייט דא,

־דארום רעקאמענדירען מיר צו די א. ר. ברענ־־נס פון דיסטריקט, צו ווירקען אויף די אוקראאי־־ ברענטשעס אין די באטרעפענדע שטעט, דאס ־זאלען זיך אנשליסען אן דער פיפעלס רעליף ־צוזאמען ארבייטען פאר דעם וואויל און בעס־־ פון אלע מלחמה־ליידענדע, ספעציעל גאנץ סא־־סעטען־רוסלאנד, צו וועמען הילף האט נישט גע־־יכט פאר די לעצטע 5 יאר, און וואס אנבא־־נגט לאנדסמאנשאפטס־פאראיינען, וועלכע קליי־־ פון לאנדסלייט קליידער און מעדיצין פאר ־איסטע פלעצער, אונטערשטיצען מיר און מיר רעקאמענדירען צו די ברענטשעס דאסזעלבע צו טאן.

אין דער פראגע פון פיפעלס רעליף קאנווענשאן ווערט באשלאסען, דאס די ברענטשעס זאלען די פראגע אליין פארהאנדלען. אזוי ווי עס איז געווען שפעט און אזוי ווי בר. 173, אמאהא, האט נאך נישט נעהאט ערוויילט קיין דעלעגאט, ווערט בא־שלאסען צו האבען א קאנפערענץ אין אמאהא דעם 12טען פעברואר. און אויב מאנכע ברענטשעס קאנען נישט זיין פארטראטען, זאלען זיי צושיקען זייערע שטימען דורך פאסט צום דיסטריקט סעק, וועלכער וועט עס צושיקען צו דער קאנפערענץ. אויך באשלאסען דאס די קאנפערענץ האט א רעכט צו פארהאנדלען אלגעמיינע דיסטריקט ארבייט. באשלאסען דאס דער דעלעגאט מוז אפגעבען א באזונדערן באריכט אין איטליכער שטאט פון דיסטריקט וועגען די פארהאנדלונגען פון קאנווענ־שאן. אויך באשלאסען דאס די ברענטשעס זאלען צושיקען פאדערונגען צום דיסטריקט סעק. וועגען אלגעמיינע א. ר. פראגען.

פונקט 7, בירנער־קלאסען: מיר רעקאמענדירען דאס די ברענטשעס זאלען אזעלכע שאפען.

פונקט 8, שטארקערען איינפלוס אויף די ברענ־טשעס. עס ווערט באשלאסען צו ערוויילען א קאמיטע פון דריי, וועלכע וועלען באזוכען ברענ־טשער פאר ארגאניזאציאנס און אגיטאציאנס אר־בייט אמווייניגסטענס איין מאל א מאנאט, דורכצו־פירען די לעקטשור־פראגראם און צונרייטען ווייי־טערע לעקטשורס ווען מעגליך, זעהען דאס די בא־ציהונגען פון מיטגליד צו מיטגליד זאלען זיין פריינדליכער און זעהען ארגאניזירען קולטור־קורסען צוזאמען מיט אנדערע ארגאניזאציעס פאר אלגעמיינער בילדונג פאר מיטגלידער. אין קא־מיטע זיינען אריין: נ. הילל, רובינשטיין, מאפ־סאן. פאלגענדע קארעספאנדינג סעקרעטארען ווע־רען ערוויילט: אשעראוו, זעליקאוו, וויזבערג, רובינשטיין, נייטען הילל, ליליענבאום, און אויב זיי וועלען נישט ענטפערען אויף די בריף פון סעק. פון דיסטריקט, דאן זאל ער זיך ווענדען צום סעק. פון ברענטש.

פריינד אשעראוו ווערט ערוויילט אלס טשער־מאן.

דריטע זיצונג, זונטאג דעם 26טען, 8.30 א זייגער.

פריינד אשעראוו ערעפענט דעם מיטינג.

פונקט 9: אזוי ווי עס איז שוין דא א דעפי־ציט אין טרעזשורי און ארבייט איז דא פיל, ווערט דער סעק. אינסטרואירט דורך די דיסטריקט דעלע־גאטען צו שיקען צו 10 סענט פון מיטגלידער פאר די לעצטע 2 קווארטאלען. אויך ווערט רעקאמענ־דירט דאס די דעלעגאטען, אויב זיי האבען נים דאנענען, זאלען בייסטייערען זייערע 8 דאלאר פון דזשענעראל אפיס צום דיסטריקט פאנד. די דע־לעגאטען זאלען מיט אלע מעגליכקייטען פארקויפען די טיקעטס פון די לעקטשורס און קאלעקטען די געלט און עס צושיקען צום דיסטריקט סעק.

עס ווערט באשלאסען אז נעקסטע קאנפערענץ זאל זיין שבת און זונטאג, לייבאר דעי, און אלע דריי אמאהא ברענטשעס זאלען אראנזשירען די קאנפערענץ. אויב דער דיסט. סעק. געפינט פאר נייטיג צו רופען א צווייטע קאנפערענץ, זאל ער אזעלכע רופען מיט נאר איין פארטרעטער פון ברענטש. עס ווערט באשלאסען צו שיקען א דיסט־ריקט פארשטעהער פון דעם 5טען צום מעמאריעל פון פריינד פארמאן.

נייטען הילל ווערט ערוויילט.

די קאנפערענץ ווערט געשלאסען מיט דער הא־פענונג אויף בעסערער ארבייט פאר דעם וואויל און בעסטען פון אונזער דיסטריקט און אונזער באליבטען ארבייטער רינג.

נ. הילל, סעק.

---

## נוארק דיסטריקט קאנפערענץ

די קאנפערענץ, וואס איז איינבערופען נעווא־רען פון דער נוארקער דיסטריקט קאמיטע פון ארבייטער־רינג, מיט'ן צוועק צו העלפען די מלחמה קרבנות, איז אפגעהאלטען געווארען אין לייבאר אינסטיטוט, מיט פר. ה. בארענפעלד פון בר. 47 אלס טשערמאן, און מאריס הילמאן פון בר. 23 אלס סעקרעטאר.

פר. גילמאן, דער סעק. פון דער נוארקער דיסט־ריקט קאמיטע האט אפגעגעבען א 4־מאנאטליכען באריכט פון דער ארבייט פון דער נוארקער דיסט־ריקט קאמיטע. ער באמערקט, דאס טראץ דעם וואס די ארבייט איז א שווערע, דאך פאלט די לאסט בלויז אויף א פאר מענשען דאס צו אטענ־דען. זיי האבען באוויזען אין א קורצער צייט צו פארפולקומען פילעס וואס זאנסט וואלט עס פון די ברענטשעס זעלבסט קיינמאל נים אטענדעט נע־ווארען.

מיר האבען זיך אינסטאלירט דעם 28־טען אוי־גוסט, דאס הייסט, מיט פיער מאנאטען צוריק. די ערשטע ארבייט, וואס מיר האבען נעהאט, איז געווען צו שליכטען א טראבעל מיט א סעקרעטאר פון בר. 579, וועלכער האט נעפירט א באזונדער רעכענונג מיט די מיטגלידער, און דער רעזולטאט איז נעווען, דאס ער איז קורץ נעקומען אין גע־נויטע 2 הונדערט דאלאר. מיר האבען אונטער־זוכט די ביכער און אונזער רעפארט איבערנעגעבען צום ברענטש. יעצט ליגט דאס אין די הענט פון דער באנד קאמפאני.

א צווייטער פאל האט פאסירט מיט דעם נו־ארקער פאריער ברענטש. גלייך נאך דער איג־סטאליישאן האבען די מעמבערס אויפגעהערט בא־זוכען די מיטינגען, און עס איז ממש א לאנגע צייט און קיין מיטינג איז נים נעווען. די עטליכע אקטיווע מיטגלידער זיינען געקומען צום שלוס, אז דאס בעסטע צו טאן איז זיך צו טראנספערירען אין אנדערע ברענטשעס און דעם פאריער ברענטש אויפלעזען. און דא קומט ווידער די נוארק דיסט־ריקט קאמיטע, און נאך פיל מיה איז געלונגען דעם פאריער ברענטש אויפצולעזען.

א דריטער פאל, וואס האט פאסירט אין נוארק. א מינסקער ברענטש פון א.־ר. מיט אומגעפער 140 מיטגלידער און א מינסקער פאראיין מיט 90 מיט־גלידער. דער לעצטער האט אויך נעוואלט ווערען א ברענטש פון א.־ר., נאר צולים דעם וואס עס באלאנגען איינינע מיטגלידער איבער 45 יאר אלט, האט מען זיי נים נעקאנט אינסטאלירען. די דיסט־ריקט קאמיטע האט צוגעלייגט א האנט און דער מינסקער ברענטש מיט'ן פאראיין האבען זיך צו־זאמענגעגאסען און יעצט האבען זיי ביי א 300 מיט־גלידער. קורץ, די דיסט. קאמ. ווענדט אן אלע מיטלען, אז דער א. ר. זאל וואקסען. דער ברענטש וועלכער שטעהט שוואך אויפלעבען און די וואס שטעהען אויף די פיס שטארקען, און איבערהויפט טוען זיי האלטען אלע ברענטשעס צוזאמען און ארבייטען נעמיינשאפטליך פאר'ן וואוילזיין פון אלע און יעדען באזונדער.

ווייטער באריכטעט פר. גילמאן, אז די דיסט־ריקט קאמיטע האט פאראנשטאלטעט א גרויסאר־טיגען קאנצערט צום יארעספעסט פון סאניטאריום אין דעם שענסטען האל אין נוארק — אין קרוגערס אודיטאריום, אויף דעם 13טען פעברואר, און דער בענעפיט וועט נעהן פאר די מלחמה קרבנות. אלע ברענטשעס האבען זיך ווארים אפגערופען און גע־מען א טיכטיגען אנטייל אין פארקויפען די טיקעטס און ווי עס שיינט יעצט וועלען מיר האבען אויסער א פינאנציעלען ערפאלג אויך א מאראלישען. די דיסט. קאמ. האט ארגאנזשירט פר. י. ב.ביילין פאר'ן אווענט און אדווערטייזט דעם אר. רינג איבער'ן גאנצען סטייט.

ווייטער באריכטעט פר. גילמאן, אז אויסער זייער איינענער אקטיווער ארבייט צום נונסטען פון די צוויי קאמפיינס פון א. ר. (100,000 מיטגלי־דער ביז דער נעקסטער קאנווענשאן און 75 טויזענט דאלאר פאר די מלחמה קרבנות) באוועגען זיי יעדען ברענטש באזונדער צו מאכען אן אונטערנעמונג פאר אויבען דערמאנטען צוועק. ווי דער פאל איז מיט דעם בר. 23: זיי פייערן דעם 18טען יארעס־פעסטטים א קאנצערט און פעקעדזש פארטי דעם 23טען יאנואר, אין לייבאר אינסטיטוט. די אויס־נאבען פון דער ברענטש דעקען פון דער קאסע און די גאנצע איינגאמע וועט געהן פאר די מלחמה־קרבנות.

באשלאסען דעם באריכט אנצונעמען און בא־דאנקען פר. גילמאן פאר'ן באריכט.

פר. לין פון דער נאציאנאלער באארד אוו די־רעקטארס באריכטעט, אז דער ארב.־רינג שטעהט גלענצענד, סיי פינאנציעל, סיי מאראליש. ער לעזט פאר אויסצוגען פון רעפארטס פון די ניו־דזשוירזי און טענעסי סטייט אינשורענס דעפארטמענטס, וועלכע זאגען, אז דער א. ר., אויסער וואס ער איז אין א זעהר גוטען צושטאנד, און אויסער דעם וואס דער א. ר. פירט זיינע געשעפטען אויפ'ן העכסטען גראד פון עפישענסי, האבען זיי פאר זיך א גלענ־צענדע צוקונפט, זיי וואקסען אומנעהייער שנעל.

ווייטער באריכטעט פר. לין, אז די נאציאנאלע באארד אוו דירעקטארס האט אויפ'ן טאגעס־ארדנונג דריי פראגען צו פארהאנדלען. זיי וועלען דאס פארלייגען פאר דער קומענדער קאנווענשאן פון א. ר. ערשטענס, תעכערן דעם קראנקען־בענעפיט; צווייטענס, א היים פאר אלע מיטגלידער, און דריי־טענס, א חאום אפיס אין ניו יארק.

ווייטער באריכטעט פר. לין, אז דער עדיוקיי־שאנאל דעפארטמענט פון א. ר. האט ארגאני־זירט א רעדנער־טור אין 64 שטעט פאר בילדונג און אויפקלערונג. זיי האבען יעצט איבער'ן לאנד 40 קינדער־שולען מיט 4000 שילער און 60 לערער. א קינדער־זשורנאל, און א פארלאג, אין וועלכען עס זיינען ערשינען די בעסטע שריפטען אין דער אידישער וויסענשאפטליכער ליטעראטור. דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט אפערט א פרייז פון 50 דאלאר צו דעם יענינען, וואס וועט פארפאסען א נאציאנאלע הימנע פאר'ן ארבייטער־רינג.

די קאנפערענץ ערוועהלט 6 נייע דעלעגאטען צו דער דיסט. קאמ.: פר. נאלדסבערג פון בר. 47, פר. עפשטיין פון בר. 451, מרס. העק פון לידים בר. 102, פר. דארפמאן, דר. און פר. סאקין און הילמאן פון בר. 28.

מאריס הילמאן, פראטאקאל, סעק.

---

## ניו־יארק האלב־יערליכע קאנפערענץ

די ערשטע האלב־יערליכע קאנפערענץ, פארר־פען פון דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע פון א. ר., איז אפגעהאלטען נעווארען זונטאג נאכ־מיטאג דעם 13טען מערץ, אין פארווערטס בילדינג, 175 איסט בראדוויי.

פריינד דינערשטיין, דער טשערמאן פון דער קאמיטע, עפענט די זיצונג און ציינט אן אויף די ספעציעלע אומשטענדן, אונטער וועלכע דעם א. ר. קומט אויס צו ארבייטען; די שווערינקייטען, וואס זיינען נעווען פארבונדען מיט די נאכווייענישען פון די מלחמה־נעזעצען, די אלגעמיינע נעדריקטע עקאנאמישע לאגע, דער ברודער־קריג אין די סא־ציאליסטישע רייען — דער קריג פון די „רעכטע" און די „לינקע" — האט אויך נים פארפעלט איר פארניכטענדע ווירקזאמקייט אין דעם א. ר., וואס האט נעוויסערמאסען אפגעשטעלט דעם גאנג פון איר טעטינקייט.

ער ציינט אויך אן אויף די גוטע רעזולטאטען, וואס דער לעצטער האלבער יאר האט נעבראכט

הויפּטזעכליך אויף מאַסאַטשוזעטס, וואו עס האָט זיך געעפענט, אויסער אַ ברייטען וועג פאַר פרוכטבאַרער טעטיגקייט, אויך אַן איבערצייגענדער ענטפער צו אַלע ניט־אינפאָרמירטע, גוטמיינענדע נעּנאַסען, אַז בלויז דער אַרבייטער־רינג איז באַרעכטיגט צו פּרעטענדירען אַלס די קערפּערשאַפט פון דעם אידיש־סאָציאַליסטישען אַרבייטער.

פר. דינערשטיין אַפּעלירט אויך צו די דעלעגאַטען, פאַרטצוזעצען די אַרבייט מיט נייעם מוט און ענערגיע. „דער ערפאָלג פון דעם אַ. ר. דאַרף זיך קיינמאָל ניט אָפּשטעלען", האָט ער פאַרענדיגט.

עס קומט דאַן פאַר וואַלען פאַר באָאַמטע פון קאָנפערענץ, און די פאָלגענדע ווערען ערוויילט: טשערמאַן—פר. אייבראַמס, בר. 2. וויס־טשערמאַן—פר. אַלפּין, בר. 36. אַלס סעקרעטערע—די פריינדע ס. נאַפּט, בר. 352, און אַב קאָהען, בר. 637.

די קרעדענשעל קאָמיטע באַריכטעט, אַז עס זיינען פאַרטראָטען 62 בראַנטשעס דורך 105 דעלעגאַטען.

פר. לאַנגער, סעק. פון דער סיטי אָרג. קאָם., באַריכטעט, אַז זיין קאָמיטע האָט באַזוכט אין פאַרלויף פון די לעצטע 6 מאָנאַטען 366 מיטינגען. ניט אַלע פון די 267 בראַנטשעס, וואָס געפינען זיך אין ניו־יאָרק, האָבען זיך גענויטיגט אין באַזוך, דערפאַר אָבער זיינען מאַנכע בראַנטשעס באַזוכט געוואָרען מער ווי איין מאָל צוליב געוויסע אינערליכע צווייסטינקייטען. די קאָמיטע איז אַריין אין פאַרהאַנדלונג מיט 16 פאַראיינען אַלס מעגליכע קאַנדידאַטען פאַר בראַנטשעס, אָבער בלויז 7 זיינען אינסטאַלירט געוואָרען. די איבעריגע זיינען ענטוועדער ניט פּאַסענד פאַר'ן אַ. ר., אָדער די פאַרהאַנדלונגען געהען נאָך אָן. סעק. לאַנגער ערקלערט, אַז זיין קאָמיטע האָט געטאָן אַלץ, וואָס עס איז געווען מעגליך, אַריינצוברענגען לעבען און טעטיגקייט אין די בראַנטשעס. עס איז זיי אָבער ניט געלונגען אין אַ געניגענדער מאָס. ער דערציילט זיינע ערפאַרונגען און אָפּטע דיסאַפּאָינטמענטס. די לאַסט פון דער שווערער אַרבייט פאַלט אויף איינצעלנע בראַנטשעס אָדער פּערזאָנען. ער דענקט, אַז די געוויינליכע מיטגליעדער פון די בראַנטשעס זיינען לעצטענס ניט אַזוי אַקטיוו ווי מען וואָלט געוואונשען.

פר. יודיטש, פון דער נאַצ. אָרג. קאָם., רעדט וועגען דער אַלגעמיינער אַ. ר. טעטיגקייט אין איצטיגען מאָמענט. עס איז אויך זיין מיינונג, אַז טראָץ דער אָנגעשטרענגטער אַרבייט, איז אָבער דער ערפאָלג דעם יאָר ניט ווי מען האָט ערוואַרטעט. מיר זיינען געוואַקסען, אָבער ניט גענוג. די צאָל פון די נעשטראָכענע מיטגלידער איז די לעצטע קוואַרטאַלען געווען אַזאַ גרויסע, דאָס מען דאַרף זיך ווענען דעם פאַרטראַכטען. אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען — ווייט ניט ערפאָלגרייך. דאָס אַקטיווע לעבען אויפ'ן געזעלשאַפטליכען געביט איז אויך ניט ווי עס דאַרף צו זיין. ער גלויבט, אַז די אַרבייט אין איצטיגער שווערער צייט דאַרף פון יעדען טוער אין די בראַנטשעס ערנסט באַטראַכט ווערען. דאָס, צוזאַמען מיט דעם שטילען קריזיס וואָס דאָס לאַנד לעבט איצט איבער, זיינען די שולדיגע אין דעם צייטווייליגען שטילשטאַנד, אָבער מען דאַרף ניט פאַרצווייפלען. דער אַ. ר. איז פיל, פיל מער ווי אַן אַרבייטער־אינשורענס אָרדען, און ער גלויבט אין די קרעפטען פון די סאָציאַליסטישע מאַסען. עס ליגט פיל אין די הענט פון די שטענדיגע טוער אינ'ם אַ. ר. מיטצוהעלפען אין דער אַרבייט.

נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע און מאַנכע פראַגען, נעמט די קאָנפערענץ אָן אַ דאַנק־וואָוט צו דער סיטי אָרג. קאָם. פאַר דער שווערער און גאַנץ אָפט אומדאַנקבאַרער אַרבייט.

פר. לעוויטאַן, פאַר דער „האָום־אָפיס" קאָמיטע, ערקלערט, אַז עס איז פאַר דעם בענעפיט פון די מיטגלידער פון דעם אַ. ר., הויפּטזעכליך פאַר די ניו־יאָרקער, דאָס די געפּלאַנטע הויז זאָל זיך ניט באַשרענקען בלויז פאַר אָפיסערס, נאָר עס זאָל געשאַפען ווערען אַן אמת'ער צענטער פאַר קולטורעלער טעטיגקייט, און דאָרום אַפּעלירט ער צו די דעלעגאַטען, דאָס זיי זאָלען אין די בראַנטשעס פּאָפּולער מאַכען דעם געדאַנק פון אַ גרעסערער אונטערנעמונג, נעמליך, אַ הויז מיט אַ גרויסען אודיטאָריום צו מיטען, און ניט בלויז אַ געשעפטס־אָפיס.

פר. עבריל, פון דער נאַצ. אָרג. קאָם., באַריכטעט וועגען דער אונטערנעמונג פון אַ האָספּיטאַל פאַר סאָוויעט רוסלאַנד. דאָס איז ניט קיין פּריוואַטע קאָמיטע, ערקלערט ער, נאָר אַ קאָמיטע סאַנקציאָנירט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג. די דעלעגאַטען דאַרפען זעהן, אַז די אונטערנעמונג זאָל זיין אַן ערפאָלג. עס איז שוין די טראַדיציע פון אַ. ר. צו העלפען די רוסישע רעוואָלוציע. אַזוי האָבען מיר געטאָן מיט יאָרען צוריק, ווען מיר האָבען זיך געטעקסט מיט 3 סענט אַ קוואַרטאַל פאַר אַלע רוסישע רעוו. פּאַרטייען און אַזוי וועלען מיר טאָן יעצט. מער ווי אַלץ נויטיגט זיך יעצט רוסלאַנד אין מעדיצין, האָט ער ערקלערט.

נאָך דעם זוי פר. דינערשטיין, פון דער נאַצ. אָרג. קאָם., קריגט דאָס לעצטע וואָרט און אַפּעלירט פאַר טעטיגקייט, איינינקייט און טאָלעראַנץ אין אונזערע רייען, ווערט די קאָנפערענץ געשלאָסען.

ס. נאַפּט, בר. 252, און אייב קאָהן, בר. 367, סעקראַטאַריאַט.

---

## האַרטפאָרד טעריטאָריעל קאָנפערענץ

די טעריטאָריע קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאָג פריה, דעם 7טען פעב., אין האַרטפאָרד לייבאָר ליסעאום, מיט פר. יאַנאָווסקי, דעלעגאַט פון בר. 15, אַלס טשערמאַן.

פאָלגענדער טאָגעס־אָרדנונג איז אָנגענומען געוואָרען: 1) רעפּאָרט פון דער דיסט. קאָם.; 2) רעקאָמענדיישאַן צו דער קאָנווענשאַן; 3) נאָמינײשאַן פאַר דעלעגאַטען.

די קרעדענשעל קאָם. באַריכטעט, אַז 8 בראַנטשעס זיינען פאַרטראָטען צו דער קאָנפערענץ: בר. 15 מיט 5 דעלעגאַטען, בר. 184—2 דעלעגאַטען, בר. 343—1 דעלעגאַט, בר. 568—1 דעלעגאַט, בר. 22—1 דעלעגאַט, בר. 128—1 דעלעגאַט, בר. 145—1 דעלעגאַט, בר. 568—1 דעלעגאַט. צוזאַמען איז פון די אַכט בראַנטשעס 13 דעלעגאַטען.

אַ פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען גוטצוהייסען דעם רעפּאָרט.

אַלס סעקרעטער איז אַפּאָינטעט געוואָרען פר. הורוויץ פון בר. 128 און ראָזאָף פון בר. 22.

דער סעק. פון דיסט קאָם. רעפּאָרטעט די אַרבייט, וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן. אַ פאָרשלאָג איז אָנגענומען גוטצוהייסען דעם רעפּאָרט.

פאָלגענדע רעקאָמענדאַציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאַן:

ערשטענס, אַז דער גענעראַל אָפיס זאָל זעהן צו שיקען אַן אייגענעם פאַרטרעטער קיין יוראָפּ, צוצוטיילען די $17500.00.

צווייטענס, אַז מ'זאָל זעהן העכערן די סיק־בענעפיט, און אנשטאָט וואָס מיר צאָלען יעצט 6 דאָלאַר אַ וואָך, זאָל מען צאָלען 9 דאָלאַר אַ וואָך.

דריטענס, אַז מ'זאָל אַרויפשטעלען אויפ'ן באָלאָט פאַר דער נעקסטער קאָנווענשאַן האַרטפאָרד.

מ'איז איבערגעגאַנגען צו דער ערוויילונג פון דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן, וואָס זיינען נאָמינירט געוואָרען ביי 7 בראַנטשעס.

פאָלגענדע זיינען אַרויף אויפ'ן באַלאָט: פר. פּרץ, בר. 22; פר. לעוויצקי, בר. 343; פר. ראָזען, בר. 145; פר. קענדלער, בר. 523.

דזש. ראָזאָף, סעק.

---

## קאָנפ. פון ניו־יאָרקער בראַנטשעס

דאָנערשטאָג אָוועגט, דעם 3טען מערץ, 1921, איז אין „פאָרווערטס" האָל ערעפענט געוואָרען די קאָנפערענץ פון די ניו־יאָרקער בראַנטשעס צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער 21־טער יערליכער קאָנווענשאַן פון אַרבייטער־רינג, וואָס וועט געהאַלטען ווערען דעם ערשטען מאַי ד. י. אין באָסטאָן.

די קאָנפערענץ איז ערעפענט געוואָרען אום 8.20 ביים טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. קאָם., פר. י. ישורין, וועלכער, אין אַ קורצער רעדע, גיט איבער דעם צוועק פון קאָנפערענץ. ער ערקלערט אויך די קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצען, וואָס האָבען צו טאָן מיט דער אַרט און ווייזע ווי דעלעגאַטען צו אַ קאָנווענשאַן דאַרפען ערוועהלט ווערען. לויט דער קאָנסטיטוציע, זאָגט ער, האָט די קאָנפערענץ דאָס רעכט צו באַשטימען פאַר, זיך צי די דעלעגאַטען זאָלען ערוועהלט ווערען דאָ אויפ'ן אָרט, אָדער זאָלען בלויז נאָמינירט ווערען און געשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום צו די בראַנטשעס. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז די, וואָס וועלען ערוועהלט ווערען, וועלען טרייען זייער בעסט צו מאַכען די נעקסטע קאָנווענשאַן פרוכטבאַר פאַר די בעסטע אינטערעסען פון אַרב. רינג.

ער געהט איבער צו וואַהל פאַר טשערמאַן און פר. אַ. דינערשטיין פון בר. 99 ווערט ערוועהלט. אַלס וויס־טשערמאַן ווערט ערוועהלט פר. דזש. ראַטמאַן, בר. 49. די פריינדע דזשאָן דריישפּיעל און ס. י. אַשפּיז ווערען ערוועהלט אַלס די סעקרעטערען.

דער טשערמאַן אַפּאָינטעט אַ קאָמיטע פון פינף דורכצוקוקען די קרעדענשעלס. זייערע נעמען זיינען ווי פאָלגט: בלאָק, בר. 99; בערמאַן, בר. 560; הארמאַן, בר. 49; עווערהיל, בר. 346, און שפּינראַד, בר. 235.

דער טשערמאַן נעמט דאַן אויף די פראַגע, צי זאָל די קאָנפערענץ אַליין די דעלעגאַטען ערוועהלען, אָדער נאָר נאָמינירען. די פריינדע דאָלינסקאַ, בר. 27, און מאַטלין, בר. 2, רעדען פאַר נאָמינירען און די פריינדע גוסקין, בר. 206, און פיינערמאַן, בר. 165, רעדען פאַר ערוועהלען ביי דער קאָנפערענץ.

די וואָס ווילען, אַז די קאָנפערענץ זאָל נאָר נאָמינירען, ווייזען אָן, אַז עס איז ניט רעכט וואָס מען נעמט צו ביי די ברייטע מעמבערשיפּ דאָס רעכט צו באַטייליגען זיך אין דער וואַהל פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן. ווען מענשען ווערען ערוועהלט פון דער מעמבערשיפּ, פילען זיי זיך מער פאַראַנטוואָרטליך צו זיי. אַנדערש איז עס אָבער, ווען די קאָנפערענץ ערוועהלט, וואו עס קאָן אויך פּאַסירען, אַז אַ געוויסע גרופּע זאָל אַלץ אָרגאַנזירען פריהער און ערוועהלען וועמען זיי ווילען.

דאַגעגען ווייזען אָן די, וואָס זיינען געגען אַ רעפערענדום אין דעם פאַל אוי'ף דאָס פאָלגענדע: דאָ האַנדעלט זיך ניט אום אַ קליינע צאָל מענשען וואָס דאַרפען ערוועהלט ווערען. די קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק איז אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע קאָנפערענצען. אין ניו־יאָרק דאַרפען ערוועהלט ווערען 69 דעלעגאַטען. ווען מען זאָל זיי שיקען צו אַ רעפערענדום, דאַרף מען ש'קען, לויט אונזער קאָנסטיטוציע, דאָפּעלט די צאָל פון ד, י וואָס דאַרפען ערוועהלט ווערען. מיר וועלען אַלזאָ דאַרפען שיקען צום רעפערענדום 138 קאַנדידאַטען. עס איז אוממעגליך פאַר די מעמבערס אויסצוקלייבען צווישען אַזאַ גרויסער צאָל קאַנדידאַטען. עס איז מער פּראַקטיש צו ערוועהלען דאָ. די מעמבערס וועלען סיין פאַראיבעל ניט האָבען, ווייל די אַמאָליגע רעפערענדומס, ביי וועלכע די מעמבערס האָבען ניט געוואוסט פאַר וועמען צו שטימען און פלענען זיך מוזען פאַרלאָזען אוי'ף דער מיינונג פון [ד]עלעגאַט צו דער נאָמינײשאַן קאָנפערענץ, אָדער פון יעדען איינעם וואָס פלעגט קומען צו די בראַנ[ט]שעס ווען מען האָט געשטימט אַ רעפערענדום און אַגיטירען: שטימט פאַר דעם אָדער יענעם — דאָס האָט אַזוי דיסגאַסטעט די מעמבערס, אַז זי וועלען זיין צופרידען, אַז מען ערוועהלט ביי דער קאָנפערענץ.

עס ווערט גענומען צום אָפּשטימען און מ'[האָט] 193 שטימען געגען 36, ווערט באַשלאָסען, דאָס [די] דעלעגאַטען זאָלען ערוועהלט ווערען ביי דער קאָנ[פ]ערענץ גופא.

פר. עבריל, דער באַריכט־אָפּגעבער פון [דע]ר קרעדענשעל קאָמיטע, באַריכטעט, אַז עס זיינע[ן] דאָ 233 דעלעגאַטען פון 122 בראַנטשעס מיט קר[ע]דענשעלס און 24 דעלעגאַטען פון 13 בראַנטשע[ס] וואָס קליימען, אַז זיי זיינען ערוועהלט געוואָר[ען] צו דער קאָנפערענץ, אָבער זיי האָבען ניט געקאָ[נט] קריגען זייערע קרעדענשעלס צוליב געוויסע און זאַכען. צוזאַמען זיינען פאַראַן 257 דעלעגאַטע[ן] וואָס פאַרטרעטען 135 בראַנטשעס. די קאָמיטע [ר]עקאָמענד'רט אַלעמען צוצולאָזען.

דער באַריכט פון דער קאָמיטע ווערט איין שטימיג גוטגעהייסען.

אַ פאָרשלאָג ווערט דאַן געמאַכט, אַז מען זאָל [די] דעלעגאַטען ערוועהלען שטימענדיג מיט די הענ[ט]. די אורזאַך איז וואָס דערביי וועט מען סייב[ן] טראָבעל פון מאַנכע וואָס קליימען אַלע מאָל, אַ[ז] מען האָט זייערע שטימען ניט ריכט'ג געציילט. [מ]ען וועט איינשפּאָרען די עקספּענסעס פון אַ ציילונגס־קאָמיטע, אַלע וועלען קענען זעהן וויפיל שטימען יעדער קאַנדידאַט קריגט און באַלד ביי מיטינג וועט מען קענען וויסען דעם רעזולטאַט.

די דאָזיגע פראַגע ווערט אויך דעבאַטירט מי[ט] צוויי דאַפיר און צוויי דאַגעגען. די פר. גינזבור[ג] בר. 1, און מאַטלין, בר. 2, רעדען פאַר שטימ[ען] דורך באַלאָטס און די פריינדע פעלדמאַן, בר. 45 און י. וויינבערג, בר. 649, רעדען פאַר דעם, [אַז] מען זאָל שטימען ביי הענט.

מיט 99 שטימען געגען 86 ווערט באַשלאָסען [צו] שטימען ביי הענט. די פריינדע בלאָק, בר. 99, אקובי, בר. 39; פרידמאַן, בר. 28; פריימאַן, ב[ר.] 39; קאַנטאָר, בר. 75, און סינגער, בר. 500, ווער[ען] ערוועהלט אַלס ציילער־קאָמיטע.

נאָך דעם ווערט פאָרגענומען די אָפּשטימונ[ג] וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרען אין דער בע[ס]טער אָרדענונג, שטימענדיג פאַר די קאַנדידאַטען לויט'ן אַלף־ב'ת.

מיט פריינדליכען גרוס,

דזשאָן דריישפּיעל, בר. 56

ס. י. אַשפּיז, בר. 410

סעקרעטערע פון קאָנפערענץ

נ. ב. ביילינענד איז די ליסטע פון די ערוועהלטע דעלעגאַטען און זייערע צאָל שטימען, [ווי]פיל זיי זיינען ערוועהלט געוואָרען. אוי[ף] דער ליסטע געפינען זיך אויך די ערשטע [...] סאַבסט'טוטס.

נעמען פון די ערוועהלטע דעלעגאַטען:

| נאָמען | בר. | צאָהל שטימען |
|---|---|---|
| עפּשטיין | 1 | 120 |
| דינערשטיין, אַ. | 99 | 127 |
| גוסקין | 206 | 120 |
| אַשפּיז | 410 | 116 |
| גערשאָנאָוו | 624 | 111 |
| איווענסקי | 194 | 111 |
| דריישפּיעל | 56 | 109 |
| וויינבערג, י. | 649 | 108 |
| בעצאַהלער | 580 | 107 |
| עבעריל | 346 | 102 |
| לאַנגער | 42 | 102 |
| דינערשטיין, ל. | 647 | 101 |
| נעכאַמקין | 550 | 99 |
| ס' לווערמאַן | 455 | 98 |
| גאָלדינג | 367 | 98 |
| גודעלמאַן | 275 | 95 |
| הערמאַן | 233 | 93 |
| שפּייער | 628 | 92 |
| וואָלאָס | 75 | 90 |
| וויינבלאַט | 632 | 90 |
| גאָלדשטיין | 280 | 89 |
| אַלפּערין | 36 | 88 |
| באָק | 28 | 88 |
| גראָסמאַן | 177 | 86 |
| זאַלצמאַן | 286 | 86 |
| אַלטמאַן, ל. | 545 | 86 |
| ראָזענבלאַט | 539 | 85 |
| קראַפּקאַ | 561 | 84 |
| קרינסקי | 583 | 81 |
| בערקאָוויטץ | 66 | 81 |
| האָכמאַן | 49 | 79 |
| וואָלאָוויטש | 635 | 78 |
| שפּינראַד | 235 | 77 |
| פּאַדניס | 140 | 75 |
| גלאָזער | 33 | 75 |
| דייווידאָוו | 2 | 73 |
| ליטאָוער | 461 | 73 |
| וואָליצקי | 100 | 73 |
| ווייך | 510 | 71 |
| הייפּערלינג | 439 | 71 |
| מאַניד | 96 | 96 |
| ברוק | 228 | 69 |
| ראָבערטס | 291 | 68 |
| מאַלק'ן | 147 | 68 |

| נאמען | בר. | צאהל שטימען |
|---|---|---|
| נאלינסקי | 146 | 68 |
| בייליו, ל. | 93 | 68 |
| יעלין | 28 | 67 |
| גאלרין | 576 | 67 |
| פעלדמאן | 545 | 65 |
| באקסער | 600 | 64 |
| אשעראוויטש | 575 | 63 |
| גוטמאן | 68 | 62 |
| זאטין | 74 | 62 |
| מאנדעל | 225 | 61 |
| שטיינבאום | 165 | 60 |
| פלאקס | 8 | 59 |
| פינקעלשטיין | 216 | 58 |
| סקלאר | 458 | 58 |
| פערלשטיין | 141 | 57 |
| בערמאן | 560 | 57 |
| קאפלאן | 344 | 55 |
| עדעלמאן | 645 | 54 |
| מאלאט | 454 | 54 |
| פרידבערג | 5 | 53 |
| בערענשטיין | 630 | 53 |
| ראזענטאל | 548 | 53 |
| סינאמאן | 350 | 52 |
| סאבסטיטוטס: | | |
| לעווין, י. | 272 | 49 |
| נאטליעב | 300 | 49 |
| זייעטץ | 64 | 48 |
| ז'נרערמאן | 210 | 46 |
| ראטנער | 330 | 45 |
| סילווערבערג | 87 | 44 |
| וויעגער | 244 | 42 |
| הענקין | 351 | 42 |
| פארלענער | 246 | 41 |
| פאטלער | 323 | 41 |
| גאלדשטיין | 82 | 41 |

## ערשטער האלב-יערליכער באריכט פון דער ניו-יארקער ארג. קאמיטע א. ר.

אייגענטליך איז אין אונזער רעפארט נישטא קיין נייעס. מיר טוען די ארבייט, מיר געהען צו די ברענטשעס און פירען אן קאמפיינס פאר נייע מיטגלידער, פאר'ן רעליף, געהען צו פאראיינען. מיר גיבען אינפארמאציע איבער דעם א. ר. מיר טוען אלץ, וואס מיר קענען, באקאנט צו מאכען זיי מיט דעם א. ר. מיר זעהען די פאסענדע צו מאכען פאר א. ר. ברענטשעס. מיר שליכטען אלע מיס-פארשטענדנישען אין די ברענטשעס און אז. וו.

דעם יאר האבען מיר זיך נעמוזט נאך מער אנשטרענגען און אונזער ארבייט איז געווארען פיל שווערער, ווי די לעצטע עטליכע יאר, און אויב מיר ווען דעם יאר ניט האבען קיין גרויסען ער-פאלג, ווי אין די לעצטע עטליכע יאר, וועט עס נישט זיין אונזער שולד, נאר די שולד פון די אומ-שטענדען, וואס מיר לעבען יעצט דורך. עס איז פאר יעדען פון אייך באקאנט, אז עס הערשט א שרעקליכע ארבייטסלאזיגקייט אין לאנד, און ווען מ'איז פארזארגט וואו צו קריגען ברויט פאר זיך און דער פאמיליע, קאן מען נישט אין זינען האבען אריינצוקומען אין א. ר.

מיר פון אונזער זייט האבען געטאן אלץ, וואס מיר האבען געקענט, און מיר וועלען זיך נאך ווייטער אנשטרענגען צו קומען צו דער 21טער יערלי-כער קאנווענשאן מיט אן ערפאלג.

מיר האבען זיך ארגאניזירט אין סעפטעמבער און מיר האבען זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט.

ארגאניזאציאנס ארבייט

מיר האבען אנגעפירט די ארג. ארבייט מיט אלע אינזערע כחות. מיר האבען געמאכט א שטארקען קאמפיין איבער אלע טיילען פון שטאט; מיר האבען געעפענט דעם קאמפיין מיט דריי גרויסע קאנצערטען, איינעם אין מאנהעטען—קופער יוניאן, אין בראנזוויל—לייבאר לייסעאום, בראנקס—האנטס פאינט פאלאס. מיר האבען אגיטירט אין די ברענ-טשעס; מיר האבען גערופען באראטונגס-מיטינגען מיט די באאמטע פון די ברענטשעס; מיר האבען מיט זיי זיך אדורכגערעדט און זיי איבערצייגט די נויטווענדיגקייט פון אריינגעמען נייע מיטגלי-דער אין די ברענטשעס.

פאראיינען באזוכט

מיר האבען באזוכט דורך דער צייט 16 פאר-איינען. מיר האבען זיי געגעבען אינפארמאציע איבער דעם א. ר., און ביז יעצט איז אונז גע-לונגען 7 פון זיי צו אינסטאלירען אלס ברענטשעס פון א. ר. מיט מאנכע האלטען מיר אין אונטער-האנדלען און מיר האפען זיי אין קורצען צו איני-סטאלירען. מאנכע האבען מיר אינגאנצען צוריק-געוויזען פאר נישט פאסענד פאר דעם א. ר.

רעליף-ארבייט

מיר האבען אויפגענומען דעם רוף פון דער נאצ. עקז. פאר 75 טויזענט דאלאר פאר אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. מיר האבען די פראגע אויפגענומען אין אלע ברענטשעס און זיי אנגעוויזען די נויטווענדיגקייט דערפון. די ברענטשעס האבען זיך גאנץ ווארים אפגערופען, יעדער נאך זיין שטאנד. אין אלגעמיין האבען מיר אז די פארלאנגטע סומע וועט ערייכט ווערען.

ברענטשעס באזוכט

מיר האבען דורך דער צייט באזוכט 366 ברענטש מיטינגען און האבען אנגעשטרענגט אלע קרעפטען די שוואכערע ברענטשעס אויפצולעבען. מיר האבען געטאן אלע מעגליכקייטען אויסצוגלייכען אלע סכסוכים. די ברענטשעס, וואס האבען ניט געהאט קיין מעגליכקייטען אליין צו שטעהן, האבען מיר פאראייניגט מיט אנדערע ברענטשעס.

א. ר. היים

מיר האבען אגיטירט צווישען די ברענטשעס זיי זאלען פארהאנדלען וועגען א. ר. היים. מיר האבען זיי אנגעצייגט די נויטווענדיגקייט, אז אזא גרויסע ארגאניזאציע, ווי דער א. ר., באדארף און מוז האבען א היים, וואו די מיטגלידער זאלען זיך קענען צוזאמענקומען און קענען דיסקוטירען א. ר. פראגען.

קאאפעראטיווע

מיר האבען ביי יעדער געלעגענהייט אנגעוויזען אין די ברענטשעס ווי נויטיג עס איז פאר זיי זיך אנצושליסען אין דער א. ר. קאאפעראטיווע בעקעריי אסס'ן, און דורך אונזער אגיטאציע האבען פילע ברענטשעס, ווי אויך איינצעלנע מיטגלידער, גע-קויפט פילע שערס.

סאציאליסטישע פארטיי

אין צייט פון דעם קאמפיין האבען מיר אויס-געאיבט אונזער איינפלוס אין די ברענטשעס און געהאלפען אנפירען דעם קאמפיין ספעציעל אין דער איסט סייד, אז גענאסע מאיר לאנדאן זאל ערוויילט ווערען.

פריינדע, מיר האבען אייך איבערגעבען אלץ, וואס מיר האבען געטאן. עס בלייבט פאר אייך צו אורטיילען, אויב די ארבייט איז פאר אייך צו-פרידענשטעלענד.

מיר זיינען זיכער, אז ווען איר ,פריינדע, וועט נאר אונז נאך אביסעל צוהעלפען אין דער ארבייט, וועלען מיר קומען צו דער נעקסטער קאנווענשאן, אויב נישט מיט פולע 100 טויזענט מיטגלידער, אבער אמווייניגסטען מיט א צימליך גוטען ערפאלג.

מיר דאנקען דער נאצ. ארג. קאמ., און אויך די אלע מיטגלידער פון דעם א. ר., פאר העלפען אונז אין דער ארבייט.

א. לאננער, סעק.

# אין די ברענטשעס

## די טעטיגקייט פון די קאליפארניער ארבייטער-רינג ברענטשעס

פון חיים לייב סימאנס

היינט צו טאג, ווען אן ארבייטער-רינג מעמבער, אדער סתם א ראדיקאלער איד, מאכט א רייזע איבער קאליפארניא סטייט און וויל זיך באקענע-מער מיט דעם אידישען לעבען אין יעדען שטעטעל פון סטייט, אדער מיט דעם אלגעמיינעם לעבען פון דער באפעלקערונג, דארף ער זיך בלויז איינשאפען די אדרעסען פון די ארבייטער-רינג ברענטש-סעק-רעטערע, און די „יאזדע" איז ערפאלגרייך. מען קריגט תמיד א ווארימע, ברידערליכע און פריינד-ליכע אויפנאמע.

מיר האבען היינט צו טאג 11 ברענטשעס, אין וועלכע יעדער מיטגליד פון די ברענטשעס ביי-שטייערט זיין אדער איר חלק אין דער ארבייט פאר א בעסערער און שענערער צוקונפט. עס איז ווירק-ליך צו באוואונדערן די אפפערוויליגקייט פון די ארבייטער-רינג מעמבערס, אין יעדער געזעלשאפט-ליכער אונטערנעמונג שפילען זיי תמיד די ערשטע פידעל. און דערפאר איז טאקע דער ארב. רינג אויף דער אידישער גאס געווארען א קראפט, וואס מען מוז זיך מיט איהם רעכענען, און עס איז נאר קיין וואונדער ניט, וואס די אנדערע עלעמענטען באציהען זיך צום ארבייטער-רינג מיט דרך ארץ, ווארים זעהענדיג ווי אזוי די ארבייט ווערט אנגע-פירט און אויף וועלכען אופן די ארבייט ווערט דורכגעפירט פון די מיטגלידער אונגעלטליך, קאנען זיי טאקע זיך ניט צוריקהאלטען פון אויסדריקען זייער באגייסטערונג פאר דעם ארבייטער-רינג.

די ארבייטער-רינג ברענטשעס, טראץ דעם וואס זיי פרעטענדירען ניט צו זיין די אפיציעלע פאר-טרעטער פון אידישען פאלק, טוען אויף א סך מער ארבייט פון די, וועלכע האבען „פרעטענזיעס", און גענומען דאס אידישע פאלק אין ארענדע.

דער ערשטער אפשטעל אויף מיין רייזע איבער'ן סטייט איז געווען אין סאנטא בארבארא, וואו איך האב א ברענטש אפיציעל אינסטאלירט, און שוין ביי דעם ערשטען מיטינג האבען די מיטגלידער באוויזען, אז זיי זיינען בארעכטיגט צו טראגען דעם פיל-געאכטעטען נאמען פון ארבייטער-רינג. עס איז געווען א פארגעניגען צו זעהן מיט וואס פאר א ליבע און אמת'ן געפיל זיי האבען בייגע-טראגען צום רעליף-פאנד. זיי האבען תיכף אויפ'ן מיטינג געשאפען א הונדערט און פופציג דאלאר און א היבשע סומע פאר דעם מעדיצינישען סאוויעט פאנד, ווי אויך פאר דעם „פארווערטס" פענסיל-פאנד. זיי האבען אויך באשלאסען צו האבען אן אונטערנעמונג פאר דעם לאס אנדזשעלעסער סא-ניטאריום. עס ווערט פשוט דאס הארץ איבערפילט מיט פרייד, און עס ווילט זיך אויסשרייען: זעהט מענשען, וואס פאר א גרויסע נשמה די ארבייטער-רינג מעמבערס פארמאגען! א קליין הייפעלע מענשען, אין גאנצען 15 אין צאל, טוען אויף אזעל-כע גוטע און נאבעלע ארבייט!

דעם צווייטען ברענטש, וועלכען איך האב באזוכט, איז געווען אוקלאנד. איך בין זיך מתודה, אז איידער איך בין ארויסגעפארען אויף מיין טור, האב איך אויף די אוקלאנדער ארבייטער-רינג מיט-גלידער געהאט א שטיקעל פארדאכט, אז זיי זיי-נען ניט אזוי טעטיג ווי אלע אנדערע אין יענער געגענד. אבער זייענדיג ביי זייערן א מיטינג און צוהערענדיג די קאמיטעען-באריכטען פון זייער טעטיגקייט, איז צו מיין גרויס צופרידענהייט מיין פריהערדיגער פארדאכט געווען אן אומזיסטער. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי זיינען ניט ווייני-גער טעטיג און אקטיוו אויף אלע געביטען פון גע-זעלשאפטליכער טעטיגקייט ווי די איבעריגע.

נאך מעהר. די לעצטע טאט זייערע האט באַ-וויזען, וואס א פילענדע הערצער זיי באזיצען, מיט דעם וואס זיי האבען א בארייטענדע סומע געלט געשאפען פאר א. נזערע קראנקע מיטגלידער, וועלכע קומען פון די איסטערן שטעט נאך לאס אנדזשעלעס.

דער ווייטערדיגער באזוך מיינער איז געווען אין „פעטאלומע", און אזוי ווי דער ברענטש איז נאר וואס געגרינדעט געווארען, קאן איך קיין סך ניט שרייבען פון איהם אלס גאנצעס, אבער פון די איינצעלנע מיטגלידער, פון זיי וואלט איך געהאט זעהר פיל צו שרייבען, ליידער ערלויבט מיר ניט די צייט און פלאץ. אבער איין זאך וויל איך אנ-דייטען, אז דער „פעטאלומע" ברענטש בפרט און דער ארבייטער-רינג בכלל מעג שטאלצירען מיט אזעלכע טרייע און פילענדע מעמבערס, ווי א הלל עפשטיין און די איבעריגע. איך האף און בין זי-כער, אז דער ברענטש וועט זיין א שטאלץ פאר דער דארטיגער רעכטדענקענדער אידישער באפעל-קערונג און א כבוד פאר אונז אלעמען.

מיין ווייטערדיגער אפשטעל איז געווען אין סאן פראנציסקא, וואו איך האב פארבראכט עטליכע טעג. און לויט מיין ערפארונג אין די טעטיגקייטען פון די א.-ר. ברענטשעס, האט זיך סאן פראנציסקא ניט צו שעמען געגען קיינע פון זיי.

און זייענדיג איבערצייגט אין זייער טעטיגקייט אויף דעם געביט פון קולטור און געגענזייטיגער הילף, איז פשוט פארדריסליך געווען צו לעזען א באריכט אין „פארווערטס" פון דעם 28טען יאנואר, אין די ארב. רינג נייעס פון קאליפארניא, וואו דער שרייבער באשולדיגט די סאן פראנציסקאר חברים, אז זיי האבען ניט דעם געפיל וואס ארבייטער-רינג מעמבערס דארפען באזיצען. איך האף, אז דער שרייבער פון דעם אויבענדערמאנטען באריכט האט עס ניט געמיינט מיט אן אמת, נאר בלויז אלס א „קיבעץ". און דערפאר וועלען די פריינד פון סאן-פראנציסקא ניט נעמען ערנסט דעם פארוואורף און וועלען ווערען נאך טעטיגער, במילא וועט עס זיין א גרעסערער „קיבעץ" אויף דעם שרייבער.

וועגען פרעזנא א.-ר. ברענטש וואלט איך געהאט, אדער בעסער געזאגט, געקענט זעהר פיל דערצייי-לען, נאר ליידער אין דער פלאץ באשרענקט צו פארנעמען זיך מיט אלע איינצעלהייטען פון זייער טעטיקייט. זייער ארבייט איז פשוט צו באוואונ-דערן! שטעלט זיך פאר א קליין גרופעלע מעמ-בערס, אין גאנצען 16 אין צאל ווען זיי האבען זיך ארגאניזירט, האבען תיכף באוויזען צו שאפען ארי-בער אכט הונדערט דאלאר פאר די מלחמה-קרבנות, און דאס איז נאר בלויז, ווי מען זאגט, א טראפען אין ים אין פארגלייך מיט זייער טעטיגקייט אויף אלע אנדערע געביטען.

פריינדע! מיר מעגען זיין שטאלץ מיט אונזערע ארב. רינג ברענטשעס אין די נארטהערן מקומות, אויף דעם פאסיפישען ברעג, און עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס די ארבייט איז אזוי ערפאלג-רייך ווייל היגער די אלע טעטיגקייטען שטעהען אידעאליסטישע מענשען מיט אויסגעהאלטענע וועלט-אנשויאונגען, מיט פעסטע פרינציפען, מיט א טיפען גלויבען אין דעם ענדליכען טריאומף פאר אלץ וואס איז שיין און נאבעל אויף דער וועלט.

## ראדאמער בר. 369 ארבייטער-רינג

לכבוד דעם צען-יעריגען יובילייאום, וואס מיר פייערן שבת דעם 12טען מארטש, ווילען מיר דא געבען אין קורצען אן איבערבליק פאר די צען יאר, וואס אונזער ברענטש עקזיסטירט. מיט 10 יאר צוריק האבען זיך צונויפגעקליבען ביי 22 יונגע לייט, וועלכע האבען ניט געקענט באלאנגען צו די קאנסערוואטיווע סאסייעטים, און האבען געגרינדעט דעם ראדאמער בר. 369 א. ר., און זיי האבען די גאנצע צייט ענערגיש געארבייט צו פארגרעסערן און פארבעסערן דעם ברענטש. דאס איז זיי אויך געלונגען אין געוויסע הינזיכטען.

מיר אבער האבען אויך געהאט א היבש ביסעל ערב-רב, וואס האבען געוואלט אין גאנצען רואיני-רען דעם ברענטש. אבער א דאנק די מיטגלידער, וואס האבען זיך ענערגיש גענומען צו דער ארבייט און גלייך אפגעשטעלט דאס, וואס די נפשות האבען אין זינען געהאט. עס איז צו יענער צייט ערוויילט געווארען אן עקזעקוטיווע פון די בעסטע מיטגלי-דער, און האבען אריינגעבראכט א רעקאמענדאציע, דאס די יעניגע, וואס ווילען נעמען טראנספערס אין אנדערע ברענטשעס, מוזען באצאלען דעם בר. $250 פאר א טראנספער. די נידריגע נפשות האבען זיך גלייך געלאזט שטרייכען, און ענערגיש האט די עקזעקוטיווע געארבייט ביז צו דעם צען-יעריגען יובילייאום. מיר ציילען יעצט 110 גוט-שטעהענדע מיטגלידער. מיר האבען עטליכע דאלאר אין אונזער קאסע. מיר האבען אויך די לעצטע צייט באשלאסען, דאס ווען א מיטגליד ברענגט אריין 5 מיטגלידער, ווערט ער פרעזענטירט מיט א פאר גאלדענע קאפ-באטנס, און נאך וויכטיגע באשלוסען האבען מיר אנגענומען.

אונזער ברענטש נעמט אויך אן אנטייל אין אלע געזעלשאפטליכע באוועגונגען, וועלכע קומען יעצט פאר. דער ברענטש האט אויך פיל געטאן פאר'ן רעליף. מיר האבען אוועקגעשיקט $200 קיין ראדאם. מיר האבען אויך באשאפען פון אלע ראדאמער סאסייעטיס א רעליף, וואו מיר האבען שוין $4000 אריבערגעשיקט קיין ראדאם.

מיר, די פרעס קאמיטע, דריקען אוים אונזער הערצליכסטע גראטולאציע צו די מיטגלידער, וואס האבען דערלעבט דעם 10טען יערינגען יובילייאום און מיר ווינשען זיי מיט זייערע פאמיליעס, דאס זיי זאלען דערלעבען אויך צו פייערן דעם 20טען יערינגען יובילייאום מיט א מיטגלידערשאפט פון 1000.

מיט פריינדליכען גרוס,
די פרעס קאמ. פון בר. 369 א. ר.

## אפשייד־אווענט פאר א טעטיגען סעקרעטער

א ספעציעלער מיטינג איז פארגעקומען דעם 2טען פון פארגאנגענעם מאנאט, אנצונעמען אונזער געוועזענעם סעקרעטערס רעזיגנאציע און א צווייטען אויסדערוויילען.

אונזער סעקרעטער האט רעזיגנירט נישט אום ארויס צו מאכען זיך פון אמט, נאר ווייל זיינע באשעפטיגער האבען אים געארדערט צו א צווייטען פלאץ. מיר נעמינען עס פאר נויטיג צו פארעפענטליכען, ווייל די טעטיגקייט פון אונזער געוועזענעם סעק. פאדערט עס פון אונז.

אונזער פריינד קארל קאהן איז געווען דער ארגאניזאטאר פון אונזער ברענטש און עס איז נישט גרינג אנגעקומען עטליבע מיטגלידער צוזאמענצוברענגען, ווייל דעמאלט, מיט 9 יאר צוריק, אין אונזער קליין שטעטעל, איז דאס ווארט ארבייטער־רינג" געווען זעהר פרעמד און נידעריג, בעסער געזאגט: מען האט באטראכט א מיטגליד פון א.־ר. אלס א כופר־בעיקר'ניק. בונדעסטוועגען האט אונזער אויבענדערמאנטער פריינד ניט אויפגעגעבען צו אגיטירען, ביז וואנען אייניגע האבען אים פארשטאנען און האבען אנגעפאנגען אים ארויסהעלפען, און א דאנק זיין איינפלוסרייבער פערזענליכקייט, ווי אויך ענערגיע, דורך די פארגאנגענע דרייצענטע יארען, ציילען מיר זיך יעצט ארייבער פופציג מיטגלידער אין אונזער קליין שטעטעלע, און יעדער איינציגער וועט יעצט צוגעבען, קיין אונטערשיד צי א מיטגליד אדער ניט, אז אונזער ברענטש שטעהט יעצט אויף א פעסטען פונדאמענט, וואס קיין מאכט קאן אים צוברעכען.

מיר האבען זיך גאנץ פיין אמוזירט דעם אווענט. אונזער פריינד האט פאר אונז א חיבשע צייט גערעדט און האט אין אונז מיט זיינע ווערטער אונזער פריינדשאפט נאך מער פארבונדען.

א היבשע סומע געלט איז געזאמעלט געווארען פאר'ן רעליף אין דעם זעלבען אווענט, וועלבע מען האט צו מארגענס אפגעשיקט צו דער רעליף־קאם.

דעם אמט סעקרעטער פארטרעט יעצט איינער פון אונזערע פראמינענטע מיטגלידער, פר. מאקס האלפערין, וועלכער האט אונז זיין ווארט געגעבען צו ארבייטען פלייסיג אין זיין אונטערנעמונג. ער איז ערוויילט געווארען מיט א גרויסער מאיאריטעט אונטער שטורמישע אפלאדיסמענטען.

הערוי לעווין און הערוי גרין, פרעס. קאם.
בר. 342 א. ר., גלענס־פאלס.

פון דער רעדאקציע: עס זעהט אוים פון דער קארעספאנדענץ, אז אונזערע פריינד אין גלענס־פאלס וויסען גארנישט, אז דער־ארבייטער־רינג פירט אן א רעליף־קאמפיין פאר 75 טויזענט דאלאר. ווען זיי וואלטען עס יא געדענקט, וואלטען זיי געווים אפגעשיקט די געזאמעלטע רעליף־סומע אין דעם גענעראל־אפיס. וויפיל מאל מיר האבען שוין וועגען דעם אויפמערקזאם געמאכט אונזערע ברענטשעס, זעהט עס אוים, אז עס איז אלץ נאך נישט גענוג.

## א בריף פון מאנטיסעלא

ווער האט זיך פארגעשטעלט מיט פיער יאר צוריק, ווען דער בר. 610 איז געגרינדעט געווארען אין מאנטיסעלא מיט א מיטגלידערשאפט פון דרייצען, זאל אזוי שנעל זיך פאנאנדערבליען מיט א מיטגלידערשאפט פון 94?

איצט פארמאגען מיר א שיינע הויז, און דעם 19טען יאנואר איז געווען ביי אונז אן אונטערנעמונג, וועלבע האט ארייגעבראכט 350 דאלאר, און א משעק פון דריי הונדערט דאלאר איז גלייך אפגעשיקט געווארען צום גענראל־אפיס פון א.־ר. מיט איין ווארט, אונזער ברענטש איז א שיינער צווייג אין דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג.

י. מוירסי, סעק. בר. 610.

נ. ב. מיר בעטען די ברענטשעס פון ארבייטער־רינג, וואס שיקען צו צושריפטען, זיי זאלען ניט פארגעסען צו שטעלען דעם זיגעל אויפ'ן צושריפט.

## רעזאלוציע פון בר. 343 א.־ר.

אויפ'ן ספעשעל מיטינג פון בר. 343 א.־ר., אפגעהאלטען זונטאג דעם 16טען יאנואר 1921 אין הארדפארדער לייבאר לייסעאום, איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע.

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז פילע קלאגען און פראטעסטען האבען זיך פארשפרייט אין די מאסען נעגען דער מיסמענעדזשמענט, ווי אויך נעגען דער ניט־ריכטיגער אויסצאלונג פון קורס פון די רעליף־געלדער פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע;

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז צוליב דער אויבענדערמאנטער אורזאך איז געווארען שווערער און פילע פאלען אינגאנצען אוממעגליך צו שאפען געלדער פאר רעליף־צוועקען, און

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז דער ארבייטער־רינג איז גרויס נענוג אליין צו שיקען א דעלעגאציע אין אייראפע, צוצוטיילען אונזערע רעליף־געלדער אין ריכטיגען פלאץ און אין דעם ריכטיגען וועג,

זיי עס באשלאסען צו אפעלירען דורכ'ן „פריינד" צו אלע ברענטשעס פון ארבייטער־רינג, ווי אויך צו די טעריטאריעלע קאנפערענצען, וועלכע דארפען באלד שטאטפינדען, אז זיי זאלען אינסטרואירען זייערע דעלעגאטען צו דער באסטאנער קאנווענשאן, אז זיי זאלען אויפנעמען די פראגע און שטימען דאפיר, אז דער ארבייטער־רינג זאל אזא דעלעגאציע שיקען אין אייראפע, און דערמיט צושלאפען די שטערענדע עלעמענטען, וועלכע זיינען אונז אין וועג פון דער שאפונג פון פאלקס־הילף.

בר. 843 א.־ר. ה. פ. קאץ, סעק.

ביי א ספעשעל מיטינג, אפגעהאלטען דינסטאג דעם 28טען דעצ. 1920 פון די מירער און סטייבצער בר. 462 א.־ר., איז באשלאסען געווארען, דאס צוליב דער ארבייטסלאזיגקייט, וועלכע הערשט יעצט אין דער נאדעל־איגדוסטרי, אין וועלכער מיר ארבייטער־רינג מעמבערס זיינען מערסטענס אין צאל, צו שאפען א ספעשעל פאנד ארויסצוהעלפען אונזערע ארבייטסלאזע מיטגלידער בכלל און אונזערע סטרייקענדע שניידער בפרט. עס איז געמאכט געווארען א פארשלאג פון פר. ס. האלפער, אז יעדער מעמבער, ווער עס קאן נאר, זאל לייען צום ברענטש צו 10 דאלאר פאר דעם ספעשעל הילפס־פאנד, און עס איז געזאמעלט געווארען ביים מיטינג א סומע פון 200 דאלאר, אין אנבאטראכט וואס אונזער ברענטש באשטעהט אין גאנצען פון 50 מעמבערס. אונזער פינ. סעק. פר. סעם האלפער האט אוועקגעגעבען זיין יערליכען געהאלט פון ברענטש, א סומע פון 25 דאלאר פאר די סטרייקענדע מעמבערס. אין נאמען פון בר. 462 אפעלירען מיר צו אלע ברענטשעס, אז זיי זאלען אויך טאן דאס, וואס מיר, אזא קליינער ברענטש, האבען שוין געטאן.

מיט געגאסענשאפטליכען גרוס,
די קאמיטע. סעם האלפער, סעק.

# אפענע פלאטפארמע

## א רעקאמענדאציע פון א פינאנץ־סעק.

געערטער רעדאקטאר!

זייענדיג א פינאנץ־סעקרעטער פון בר. 63 אין די יארען 1911 ביז 1914, האבען איך דאן געפונען די פאלגענדע ביכער:

א רעסיט־בוך, א קעש־בוך, א וואוטשער־בוך און א לעדזשער מיט א מעמארענדום־בוך, וועלכעס ציינט וויפיל יעדער מיטגליד איז שולדיג, ווארים דער לעדזשער איז א ביסעל צו שווער מיטצונעמען צו די ברענטש־מיטינגען.

מיין מיינונג איז, אז דער וואוטשער־בוך זאל אין גאנצען אפגעשאפט ווערען, ווייל דער משעק־בוך פארנעמט דעם פלאץ און דער וואוטשער־בוך איז אין גאנצען נוצלאז, שוין ניט רעדענדיג פון די אויסגאבען, וועלבע עס פאדערט זיך צוצושטעלען וואוטשער ביכער צו אלע ברענטשעס.

איך וואלט אויך וועלען רעקאמענדירען, אז דער לעדזשער־בוך זאל אפגעשאפט ווערען. אנשטאט דעם לעדזשער זאלען פארנעמען פלאץ פייל־קארדס, געדרוקט אויף דער זעלבער פארמע ווי די לעדזשער ביכער. די לוז ליף פייל קארדס זיינען זעהר באקוועם. דער סעקרעטער קאן דאס נעמען מיט זיך צו דעם ברענטש־מיטינג. די פייל־קארדס וואלטען אויך פארנומען דעם פלאץ פון מעמאראנדום־בוך.

איך וואלט זעהר גערן געוואלט הערען די מיינונגען פון אנדערע סעקרעטארען.

הענרי שיפרין, פינ. סעק. בר. 63, קעניגס סיטי.

די עדיוק. קאם. האט באשטעלט ביי קאמפעטענטע בוכהאלטערס עטליבע ארטיקלען פאר'ן „פריינד" וועגען דער פראגע. — רעדאקציע.

## פאר וואס?

זייענדיג אין דער ארגאניזאציע פון א. ר. אן ערך פון 10 יאר, האב איך זיך תמיד אפגעגעבען די מיה צו שטודירען אונזער ארדען. עס איז מיר געווען אינטערעסאנט צו וויסען אויף וויפיל מיר ווערען גרעסער און וואס פאר אן עלעמענט פון מיטגלידער מיר קריגען אריין.

איך האב איינגעזעהן, לײדער, די לעצטע צייט, אז דער אינטעליגענטער קלאס קומט ווינציג־וואס צו אונז צו.

נאך מער: אין די אלטע ברענטשעס, אין וועלבע עס פלעגט זיך געפינען אזא גרויסע צאל פון אינטעליגענטע מיטגלידער, איז אדער דאס רוב האבען זיך נעלאזט שטרייכען, אלא נים זיינען זיי מער גיט אקטיוו. און א חוץ דעם וואס זיי שיקען אריין אלע ערב שטרייך־אוועגט זייערע דיוס, זעהט מען זיי נים פאר א רפואה צו קיין מיטינג. און עס פארדריסט מיך מער, ווען מ'ווייסט אז אט די מיטגלידער זיינען אמאל געווען אזוי באגייסטערט און ענטוזיאסטיש פון דעם א. ר. און האבען אזוי פיל ביינעשטייערט צו דער אויפבויאונג פון א. ר. זיי זיינען געווען פון די פיאנערען כמעט אין דער באוועגונג, די ערשטע אקטיווע מיטגלידער וואס האבען זייער גאנצע מוח און צייט אוועקגעגעבען דער ארגאניזאציע, וואו זיינען זיי יעצט?

איך ווייס, אז אויב א טייל פון זיי זיינען געווארען אלרייטניקעס און קיין ארבייטער־ארגאניזאציע אינטערעסירט זיי מער ניט, איז דאס זעהר א קליינער טייל, און וועלבע מיר קענען זיך געוויס באגעהן, אבער דאס רוב זיינען די זעלבע קבצנים וואס פריער.

און דארום פרעגט זיך די פראגע: פאר וואס זשע האבען זיי פארט פארלאזט די רייען פון א. ר., וואס האט זיי דערווייטערט? פארוואס זיינען זיי אזוי קאלט געווארען? זיינען זיי אפשר שוין אלט געווארען פאר דער צייט?

מיר קענען זיך ניט נארען, און מיר טארען זיך ניט נארען. מיר מוזען האבען א חוץ גלאט מיטגלידער אויך אזעלכע, וואס זאלען קענען פירען אונזער ברענטשעס. אין די ברענטשעס פילט זיך א פוסטקייט. אלץ וואס מ'הערט איז ביזנעס און ביזנעס און מ'קאן אנדרימלען ווערען ביי א מיטינג. עס איז גאר ניט געבליבען, וועלכעס זאל אייך דערמאנען, אז איר געפינט זיך ביי א מיטינג פון א. ר. און ניט ביי א מיטינג פון אן ארדען פון בני ברית אברהם.

איך גלויב, אז מיט דעם באדארפען זיך אונזערע מאן־געבער אינטערעסירען, פונקט אזוי ווי זיי אינטערעסירען זיך מיט'ן וואוקס פון א. ר. ווייל אויב דאס צוקומען פון נייע מיטגלידער איז א נויטווענדיגקייט, אזוי נוט קענען מיר זיך נים באגעהן אן אינטעליגענטע מיטגלידער, וועלכע ווילען אריינבלאזען א נייעם לעבען אין א. ר. און גיבען אים די פיזאנאמיע, וועלכע טיילט אים אפ פון די איבעריגע אלטע ארגאניזאציעס און מיט וועלכע ער שטאלצירט אזוי.

איך וואלט קודם כל פארגעשלאגען אונזער ווערטען רעדאקטאר פון „פריינד" אנצוהייבען א רובריקע אין „פריינד", וואו ער זאל איינלאדען אלע אלטע מיטגלידער, אז זיי זאלען ערקלערען, וואס האט זיי געמאכט זיך דערווייטערען פון זייער ברענטש און אויך די מיינונג פון די סעקרעטארען. געוויינטליך אין קורצען, זיך ניט אויסברייטען שטארק, כדי מ'זאל דאס קענען דרוקען אין „פריינד", וועמעס פלאץ איז זעהר באשרענקט.

ס. רובין, פיטסבורג, פא.

מיר וועלען דאס טאן, פר. רובין, ביי דער ערשטער, בעסטער געלעגענהייט. — רעדאקציע.

## דארפען קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען געפירט ווערען דורכ'ן דזשענעראל אפיס פון ארבייטער־רינג?

איך גלויב, אז עס וואלט שוין לאנג צייט געווען, אז דער ארבייטער־רינג זאל אויך צווישען די פילע צווייגען פון זיין טעטיגקייט האבען א קאאפעראטיווען ברענטש און טאקע אויף א גרויסען מאסשטאב, ווי עס קאן ווירקליך טאן אזא ארגאניזאציע ווי דער ארבייטער־רינג מיט אזוי גרויסער מיטגלידערשאפט (אפילו בלויז אין ניו־יארק אליין).

דער פארמעגען פון א.־ר. באטרעפט — אויב איך האב קיין טעות נים — ביי א מיליאן דאלאר. די הכנסה פונ'ם קרן אין העכסטענס אזעלכע, וואס ברענגט צריין פינף פראצענט יערליך צום ארדען, ד. ה. א קימה לן פון פופציג טויזענט דאלאר א יאר ריווח. 50 טויזענט דאלאר מאכט דער ארדען פון אינטערעסט אויף זיין קאפיטאל און די מיטגלידער אלס איינצעלנע האבען דערפון לחלוטין גארנים.

קאן דען נים דער ארדען אלס א גאנצער מאכען א קאאפעראטיווע אונטערנעמונג און זאל מאכען א גרעסערן פראצענט פראפיט פאר'ן ארדען און די איינצעלנע מיטגלידער זאלען אויך פראפיטירען?

נעמט, למשל, די הייזער־פראגע. קאן דען דער דזשענעראל אפיס נים טאן עפעס, אז מ'זאל אין א געוויסען געגענד (אין בראנקס, למשל) געבויט ווערען א גאנצער בלאק אפארטמענטס הייזער פאר א.־ר. מיטגלידער.

כ'גלויב, ס'וואלט מעגליך געווען אז קאאפעראטיווע אונטערנעמונג צו פארווירקליכען פונ'ם דזשענעראל אפיס פונקט, אדער פיל בעסער, ווי די איצטיגע בעקעריי, וואס איז געשאפען געווארען פון איינצעלנע שער־האלדערס.

די צרה איז טאקע מיט די ביז איצטיגע פילע קאאפעראטיווע געשעפטען, וואס זיינען מערסטענס געוועזען א דורכפאל, ווייל זיי האבען ניט געהאט דעם ריכטיגען פונדאמענט, און איך גלויב, אז נאר דורכ'ן דזשענעראל אפיס קאן אזא פונדאמענט פאר א גרויסער קאאפעראטיווער אונטערנעמונג געלייגט ווערען.

מ'קאן געמאלט זיין אז געזעצליך טאר דער דזשענעראל אפיס אפשר נאר נים אונטערנעמען אויף דעם געביט פון קאאפעראציע, אבער ער מעג דאך מאכען אינוועסטמענטס פון זיין קאפיטאל אויף א זיכערער אונטערנעמונג.

מאנכע בילדערס בויען די לעצטע צייט הייזער און זוכען די אפארטמענטס צו פארקויפען אויף א קאאפעראטיווען פלאן.

וואלט דען דאס געוועזען שווערער צו טאן דורך דעם דזשענעראל אפיס דירעקט און דורך קריגען שער־האלדערס פון מיטגלידער פון א.־ר.?

מיר דוכט, אז דורך אזא אונטערנעמונג וואלט מען געקאנט ארויסקריגען פיל נוצען.

דעם פינאנציעלען בענעפיט וואלטען נעהאט סיי די איינצעלנע מיטגלידער, וואס וואלטען ווערען שער־האלדערס, טענענטס, און דער גאנצער ארדען און זיי וואלטען ווירקליך נעהאט געוויסע פארדינסטען געמיינשאפטליך און אינדיווידועל, און דער אינטערעס אויף דעם אינוועסטמענט פון דער דזשענעראל אפיס קאסע וואלט פיליכט געקאנט זיין א דרייפאכער קענען די איצטיגע א.־ר. אינוועסטמענטס.

איר מיינט, ס'איז אפשר א פאנטאזיע?

חלום? א סך זאכען, וואס דער ארדען אלס א גאנצער האט געשאפען, זיינען אין אונזערע אויגען מיט יארען צוריק אויך געוועזען נים מער ווי א פאנטאזיע. ווארום טאקע נים פרובירען צו שאפען עפעס גרויסעס, ניצליכעס?

י. מייערסאן, מעמבער עט לארדזש.

דער ארדען פארמאגט יעצט ארום איינס און א האלב מיליאן דאלאר, אבער ער קאן נאר איני־וועסטען זיינע קאפיטאלען אין לעגיטימירטע באנדס — רעדאקציע.

## ארבייטער־רינג קרעדיט־פעראיין פון נאר־פאלק און פארטסמוטה, ווא.

אין 1918 האבען זיך די ברענטשעס פון די אויבען־דערמאנטע שטעט פאראייניגט און געגרינ־דעט א קרעדיט פעראיין פון און פאר מעמ־בערם פון ארבייטער־רינג. שערס זיינען פאר־קויפט געווארען צו 5 דאלאר א שטיק און מען האט געזאמעלט די סומע פון 6,940 דאלאר. דורך דער צייט פון 3 יאר איז אויסגעליהען געווארען די סומע פון 41,025 דאלאר. דיווידענד צו די שערהאלדערס איז אויסגעצאלט געווארען צו 5 פראצענט. די נעט פראפיטען פון די 3 יאר זיינען היינט 1,200 דאלאר. דער פראפיט פון דער אר־גאניזאציע קאן פארנוצט ווערען בלויז פאר דער ראדיקאלער באוועגונג. אזוי האבען מיר היינטינס יאר געשטיצט די נאר־פאלקער ארבייטער־רינג שולע מיט 100 דאלאר, די פארטסמוטער מיט 50 דאלאר און די פיפעלס רע ליעף מיט 25 דאלאר. קיין מיטגליד, אונגעאכטעט דערויף וויפיל שערס ער האט, קאן נישט ארויס־צווינגען זיין ווילען אויף דער קרעדיט יוניאן, ווייל ער האט נישט מער ווי איין „וואוט“ אין די פערהאנדלונגען.

צוליב דעם מאנגעל אין געלד לעצטען יאר האבען מיר געהאט מער אפליקאציעס פאר געלד וויפיל מיר האבען געקאנט אויסליהען און מיר האבען דערפאר געמוזט באשטימען אלס די העכ־סטע סומע פאר א הלואה 500 דאלאר, כדי מען זאל אלעמען געבען צו ביסלעך. צוליב דעם האבען מיר אויך באשלאסען צו מאכען א גרויסען „דרייוו“ פאר נייע 10 טויזענד דאלאר. ווען יעדער מעמ־בער פון אונזערע ברענטשעס זאל האבען בלויז פאר 25 דאלאר שערס, קאנען מיר די סומע לייכט דערגרייכען. מיר האפען אז אונזערע מעמבערס ווערען זיך ווארים אפרופען דערויף.

ביים לעצטען יערליכען מיטינג פון די שער־האלדערס זיינען אנגענומען געווארען רעזאלוציעס צו באדאנקען דעם פרעזידענט פריינד מאקס גאלד־בערג און דעם סעקרעטער פריינד פיליפ מאי, ווי אויך די איבריגע דירעקטארען, פאר זייער גוטער ארביים.

פיליפ מאי, סעק. און טרעזשורער.

---

צו אלע מעמבערס פון ארבייטער־רינג

ביי אונז אין ברענטש האט געטראפען א פאל, וואס יעדער מעמבער מעג דאס וויסען. א מעמ־בער פון אונזער ברענטש האט באלאנגט צו אונז 9 יאר, אויף דעם 10טען יאר האט ער זיך געלאזט שטרייכען. ער האט אנגעגעבען אז אורזאך פון זיין שטרייכען זיך. ער האט געזאגט, אז ער בא־לאנגט שוין 10 יאר צום ברענטש, און דורך די 9 יאר איז ער קיין איין מאל נים קראנק געווען, דא־רום האט ער נים געהאט קיין נוצען פון ברענטש, אזוי ווי ער וויל נים צאלען קיין אומזיסטע בילס. איך האב אים געענטפערט אז א מענש קאן אלץ ערווארטען. ער איז טאקע 9 יאר נים געווען קראנק, אבער אויף דעם 10טען יאר קאן זיך מאכען דאס מען זאל זיין קראנק, און איך האב אים גע־זאגט, דאס איך וויל באלאנגען דעם גאנצען לעבען און נים דארפען קריגען קיין קראנקען־בענעפים. אבער די ארגומענטס האבען אויף אים נים גע־ווירקט און ער האט זיך געלאזט שטרייכען. עס איז שוין א יאר און א האלב, אז ער איז גע־שטראכען. יעצט איז דער ממעבער געקומען צו מיר, אז איך זאל זעהן ווירקען אויף דעם ברענטש דאס מען זאל אים ארויסהעלפען מיט א 500 דא־לאר, אום ער זאל קענען פארען אין דענווער סא־ניטאריום, ווייל ער האט באקומען קאנסאמפשאן. איך האב דאס רעפארטעט צום ברענטש, און איך האב אליין רעקאמענדירט, אז מען זאל צוריק־ווייזען זיין פארלאנג, ווייל ער איז נים געשטראכען געווארען ווייל ער איז געווען אין שלעכטע אומ־שטענדען, נאר ער איז געשטראכען געווארען ווייל ער האט נים געוואלט באלאנגען, ער האט נים גע־וואלט צאלען אומזיסטע בילס.

יעקב פרושאנסקי,
האספיטאלער פון בר. 205 א.־ר.

דאס איז איינער פון צענדלינגע פאלען, אויף וועלכען מיר האבען אנגעוויזען אין אונזער ענט־פער צו פר. ליפקין, אין פעב. „פריינד“. — רעד.

---

## א פערזענליכע ערקלערונג

איך, סעם ראזענצוויינ, פון קענזעס סיטי, מי־זורי, האט אין מאמענט פון אויפרעגונג און הייס־בלוטינקייט געזינדיגט געגען דעם ראדיקאלען אר־בייטער־ארדען, דעם ארבייטער־רינג, און אין דעם נאמען פון יושר און ראדיקאליזם פארלאנג איך פון דעם ארבייטער־רינג מיר צו פארגעבען דעם ראזיגען מאראלישען פעלער, וואס איך בין בא־גאנגען צום ערשטען מאל פאר מיינע לאנגע יארען פון טעטינקייט אין דער ראדיקאלער טרייד־יוניא־ניסטישער ארבייטער־באוועגונג.

סעם ראזענצווייג.

---

# בריף אין רעדאקציע

וועדמער פריינד ביילין!

איך גלויב, אז די פראגע, וועלכע איך וויל אויפ־הייבען אין דעם בריף איז זעהר א וויכטיגע.

די פראגע איז, צי זאל א פרוי, א מיטגליד פון א. ר. וועלכע באלאנגט אין דריטען קלאס, צוגע־לאזען ווערען אלס א דעלעגאטקע צו דער סיטי סענטראל קאמיטע, אדער נים.

דער א. ר. איז אן אינשורענס ארדען, וועלכער ־טעלט זיך אלס צוועק נישט בלויז צו פארזארגען ־עם נוף, נאר אויך צו אנטוויקלען דעם גייסט, די ־שמה פון די מיטגלידער. און נישט בלויז פון די ־יטגלידער, נאר אויך פון זייערע פרויען און ־ינדער.

נו, איז בר. 176, אין שיקאגא, באגליקט גע־ווארען מיט א מיטגליד, וועלכער האט אויך ארייג־ענומען זיין פרוי אין ברענטש. די פרוי איז ־ריין אין דריטען קלאס. ביידע, אי דער מאן, אי ־י פרוי, זיינען העכסט אינטעליגענטע מענשען, ־יידע רוסישע סאציאל־דעמאקראטען. ער איז ־בער פארנומען מיט דער קאאפעראטיווער בא־ועגונג און קאן נישט אטענדען די מיטינגען פון ־רענטש. זיין פרוי אבער נעמט א שטארקען אינ־ערעס אין דער ארבייט, און ווען עס זיינען פאר־עקומען עלעקשאנס פאר דעלעגאטען צו די ס. ס. אמיטעען איז זי ערוויילט געווארען אלס איינע ־ון פינף דעלעגאטען, צו וועלכע אונזער ברענטש ־יז בארעכטיגט.

איך ווייס נים ווי ביי אייך אין נױ־יארק אדער ־ין אנדערע שטעט איז, ביי אונז אין שיקאגא האט ־י סיטי סענטראל כמעט נישט צו טאן מיט קיין ־אך אויסער קולטורעלע ארבייט. איבערהויפט האט ־ויף זיך א שווערע און פאראנטווארטליכע אויפ־אבע די עדיוקיישאנאל קאמיטע. נו, שטעלט זיך ־אר, דארף מען נאך האבען א בעסערע מיטארבייט־ערין אין דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווי א פרוי ־אס איז אינטעליגענט און געבילדעט? און מיר ־אבען זיכער געדענקט, אז די ס. ס. וועט פאר־שטעהן ווי צו שעצען די אפערווילינקייט פון אזא ־וי און וועט איר געבען די פאסענדע ארביים. ־הט די ס. ס. און ווייזט זי צוריק אלס ניש קיין ־אסענדע דעלעגאטקע. פאר וואס? זעהר א קלו־. און א וויכטיגע אורזאך . . . הערט זיך איין, ־רבא, דעם פלפול מיט קאפ. אזוי ווי סיטי ־נטראל רעקאמענדירט אמאל א טעקס אויף די ־טגלידער, און אזוי ווי אזא רעקאמענדאציע פון ־ר ס. ס. ווערט זעלטען צוריקגעוויזען, טאר דא־ם א פרוי, א מיטגליד פון דריטען קלאס, נים ־קסען די איבעריגע מיטגלידער פון די העכערע ־אסען. די מענער זיינען די באלעבאטים איבער ־ערע שכירות, די פרויען טארען זיי קיין דעה ־ט זאגען.

איך וויל נישט מאכען קיין קאמענטארען. זא־ן די מיטגלידער פון א. ר. אליין אורטיילען, צי ־בען די מיטגלידער פון דער סיטי סענטראל ־מיטע געהאנדעלט ריכטיג אדער נים?

א. קראל, בר. 176 —

־מיר וועלען ווארטען ביז די סיטי כ־ ־ס. פון שיקאגא וועט דערקלערען איר ־קט אין דער פראגע. — רעדאקציע.

רעדאקטאר פון „פריינד“:

די מיטגלידער פון בר. 25 א. ר. — דורך דער איניציאטיווע פון שרייבער פון די שורות — האבען געקראגען א טשארטער פון ניו־יארק סטייט פאר א קרעדיט יוניאן, א פאלקס־באנק, ווי מען רופט אזעלכע באנקען אין דייטשלאנד. פאר די יעניגע, וואס וויסען נים וואס א קרעדיט יוניאן איז, וועל איך דא ערקלערען:

א קרעדיט־יוניאן איז א קאמערציעלע און סייווינג באנק, וואס טוט ביזנעס נאר מיט זיינע מיטגלידער. עס איז א דעמאקראטישע אינסטי־ציע. יעדער מיטגליד האט בלויז איין שטימע, עס מאכט נים אוים וויפיל שערס ער זאל דארט האבען. אלס א סייווינג באנק קאן ער אינוועסטען זיין געלט אין די זעלבע סעקיוריטיס אין וואס אז געוויינליכע סייווינג באנק מעג אינוועסטען. למשל, אין ערשטע מארטגיידזשעס אדער באנדס, ווי לי־בערטי און רייקראוד באנדס.

דערווייל נעמט די א. ר. באנק אלס מיטגלידער נאר מיטגלידער פון א. ר. און זייערע פארוואנ־דטע.

די קרעדיט יוניאן שטרעבט אריינצוקריגען אלע מיטגלידער פון א. ר. און האפט אז אלע געלדער, וואס די מיטגלידער האלטען אין פריוואטע באנקען, וועלען זיי האלטען אין זייער איינענעם באנק פאר זייערע איינענע נוצען.

הייטאן איזראעל קאהן, פרעזידענט.

---

ווערטער פריינד רעדאקטאר!

אינ'ם יאנואר נומער „פריינד“ האט איר איינ־געליימעט אן אינטערעסאנטע דיסקוסיע איבער איי־ניגע זעהר וויכטיגע פראגען. איך וועל דארום פרובירען געבען אויף זיי אן ענטער פונקט ביי פונקט:

פר.: 1) „צי זאלען די א. ר. קאאפ. אונטער־נעמונגען אנגעפירט ווערען פון געג. אפיס?“

ענט: פאזיטיוו! — ווי שוין איינמאל ער־קלערט אין א בריף צום „פריינד“.

פר.: 2) „צי איז פאר אונז וויכטיג אין וועל־כער הינזיכט? — אז אלע ראדיקאלע אידישע ארבייטער־ארדענס זאלען זיך פאראייניגען מיט'ן א. ר.?“

ענט: באשטימט ניין! מיר האלטען נים פון קיינע קאמפראמיסען.

פר: 4) צו וואס דארף מען לערנען אידיש אין די א. ר. שולען?

אויף דער פראגע איז שווער צו ענטפערען און מען מוז איבערלאזען, אז דאס לעבען אליין זאל באשטימען.

אלגעמיינע פראגען:

פר.: 2) „קאן די אנערקענונג פון סאוויעט רוסלאנד פארמילדערן דעם עקאנאמישען קריזיס איבער דער וועלט?“

ענט: א היבש ביסעל. ווייניגער הונגער און לײדען דארט, און ווייניגער ארבייטסלאזינקייט איבעראל.

פר.: 3) „וועלכע שטרעמונגען אין דער סאצ. באוועגונג איז די ריכטינסטע?“

ענט.: זיכער די לינקע!

פר.: 4) „איז נייטיג א פערטער אינטער־נאציאנאל?“

ענט: ניין! — א פאראייניגונג מיט'ן דריטען אינטערנאציאנאל, מיט סאוויעט רוסלאנד, דארף זיין אונזער שטרעבונג.

וואלף אייזנער.

די אלע פראגען זיינען געשטעלט געווארען כדי צו דיסקוטירען דורך ארגומענטען אין די ברענ־טשעס, אבער נישט צו ענטפערען מיט יא און ניין. — רעדאקציע.

---

ווערטער פריינד רעדאקטאר י. ב. ביילין:

זייענדיג אן אקטיווער מיטגליד אין א.ר. פון דעם גרעסטען ברענטש אין שיקאגא, בין איך זי־כער, אז נים מער ווי צען פראצענט פון אונזערע מיטגלידער לעזען דעם „פריינד“. נים קוקענדיג אויף דעם האט אונזער ברענטש געשטימט פאר די 5 סענט פאר'ן „פריינד“.

איך בין מודה ומתודה, אז איך אליין לעז אויך ווייניג דעם „פריינד“. ווארים אויב עס איז יא פאראן צייט ביי אן ארבייטער צו לעזען, איז פאראן פיל וויכטינערע זאכען צו לעזען ווי דעם „פריינד“.

אבער ארטיקלען איבער סאציאלע פראגען זיי־נען אפט מאל וויכטיגער און אינטערעסאנטער צו לעזען ווי איבער אלגעמיינע פראגען, און איבער־הויפט פראגען וואס באלאנגען צום א.־ר.

און לעזענדיג די „בריף אין רעדאקציע“ אין „פריינד“ פון נאוועמבער און דעצעמבער, בין איך פאלקאם איינשטימיג מיט דעם בריף, וועלכער האט זיך אונטערגעשריבען „סעם ליוויי, בר. 3 א.־ר.“

אייער פריינד, נ. בייליקאוו, בר. 176.

---

נעערטער רעדאקטאר!

שעצענדיג אייער גוטע ארבייט און וויסענדיג אז איר סטארעט זיך מיט אלע מעגליכקייטען דאס דער „פריינד“ זאל זיין אן אינטערעסאנטער און אמת ליטערארישער זשורנאל, בעט איך דעריבער אז ערלויבניש צו שטעלען אייך א פאר פראגען:

וואס קאן מען טאן צו פארבעסערן און פאר־פיינערן דעם „פריינד“?

אבוואהל מען מוז צוגעבען, אז זינט דער „פריינד“ איז איבערגעגאנגען אונטער אייער רע־דאקציע איז ער באדייטענד בעסער געווארען ווי פריער, אן צווייפעל אז עס איז פאראן פלאץ פאר פארבעסערונגען.

איך מוז דא גלייך זאגען, אז מיט דעם וואס איך וויל, אז דער „פריינד“ זאל זיין נאך שענער און בעסער, וויל איך באין אופן נים פארקלענערן אייער ארבייט, אייער ענערגיע, וואס איר האט אנגעווענדט אום צו מאכען דעם „פריינד“ אינטע־רעסאנטער און לעזבאר, נים קוקענדיג אויף די באגרעניצטע געלד־מיטלען וואס איר האט אין באזיץ.

אבער פונדעסטוועגען גלויב איך, אז דער „פריינד“ האט געדארפט געבען פלאץ פאר גרעסע־רע ארטיקלען. און דענקט איר, ווערטער רעדאק־טאר, דאס די פירער און טוערס פון ארבייטער־רינג ווילען איצט האבען א גרעסערן „פריינד“? אויב יא, וואס זשע קאן געטאן ווערען צו ווירקען אויף דער קומענדער קאנווענשאן דאס זי זאל געבען מער געלדמיטלען פאר די אויסגאבען?

ברוך געלפאנד, בר. 531 א.־ר.

געערטער פריינד רעדאקטאר!

דער בר. 189 א.־ר. האט גלייך ווי ער האט געהערט אז די „פ. א. ש." הייבט ווידער אן צו ערשיינען, פארורפען א קאנפערענץ פון לעזער, פריינד און סימפאטייזער פון דער „פרייער ארבייטער שטימע" פון בראנזוויל און איסט ניו־יארק פאר דעם 7טען נאוועמבער, אום געמיינשאפטליך זיך צו בעראטען ווי אזוי מעגליך צו מאכען דאס די „פ. א. ש." זאל ערשיינען רעגעלמעסיג.

עס איז געגרינדעט געווארען א „פרייע ארבייטער שטימע" גרופע אין בראנזוויל און איסט ניו־יארק, וועלכע פארשפרעכט צו טאן גוטע ארבייט, און פאר איבער הונדערט דאלאר שערס זיינען פארקויפט געווארען שוין ביי דער ערשטער פארזאמלונג.

דעם 4טען דעצעמבער האט אונזער ברענטש אויך געפייערט די ווידערערשיינונג פון דער „פ. א. ש." מיט א באנקעט, קאנצערט און ליטעראַרישען אוונט, מיט די פריינדע און גענאסען י. ב. ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד", און דר. מ. קאהן אלס טעסטמאסטער.

דער מאראלישער און פינאנציעלער ערפאלג איז געווען איבער אונזערע ערווארטונגען. איבער דריי הונדערט לייטע, קיין עין הרע, און אלע יום־טוב'דיג געשטימט. פאר איבער 200 דאלאר שערס זיינען פארקויפט געווארען, אויף א נעט פראפיט פון 60—70 דאלאר, וועלכע וועלען אויך פארוואנדעלט ווערען אין שערס.

מיר ווילען דא גלייכצייטיג אויסדריקען א דאנק אלע בעלי־שמחה'ניקעס, ווי אויך אונזערע טאלאנטען און רעדנער, פאר דעם אנטיילנעמען און פאר דעם גרויסען פארגעניגען, וואס זיי האבען אונז פארשאפט.

פאר דער קאמיטע, וו. אייזנער.

---

ווערטער רעדאקטאר פון „פריינד"!

אלס אן אקטיווער מיטגליד פון ארבייטער־רינג אין שיקאגא, וואלט איך רעקאמענדירט, אז דער א.־ר. זאל ווי אם שנעלסטען אויפנעמען די פאלגענדע פראגען:

עס וואלט ראציאנעל געווען צו העבערן דעם קראנקען־בענעפיט. מ'וואלט נעדארפט אויפבויען א היים פאר די עלטערע מיטגלידער פון א.־ר. און פילע אנדערע פראגען. איך בין זיכער, אז די מיטגלידער וואלטען גיכער געוואלט דאס די געלט פונ'ם קאנווענשאן פאנד זאל בעסער באנוצט ווערען פאר וויכטיגערע ארבייט ווי יערליכע קאנווענשאנס.

צולעצט וויל איך אויך באמערקען, אז אונזער ברענטש האט נעשטימט צו געבען פינף סענט פאר'ן „פריינד".

ל. וועקסלער, סעק. בר. 254, שיקאגא.

---

ווערטער פריינד רעדאקטאר, י. ב. ביילין:

איינע פון די בעסטע זאכען, וואס אונזער בר. פערמאנט, איז א לאאן־פאנד, געבויט אויף קאאפעראטיווע יסודות. אונזער לאאן פאנד פערמאגט איבער 4 טויזענט דאלאר. מיר לייען אויס צו הונדערט דאלאר. אין די לעצטע 3 מאנאטען האבען מיר געמאכט 28 לאאנס, און אלײ געהט צו אין בעסטען ארדענונג. ערלויבט מיר דורכ'ן „פריינד" צו באדאנקען פריינד מ. מיינער, דעם סעק. פון לאאן פאנד, פאר זיין גלענצענדער ארבייט אויף דעם געביט. מיר האבען פיל געשטיצט סאציאליסטישע קאמפיינס, פארשידענע סטרייקס. מיר האבען קיינמאל נים צוריקגעוויזען קיין שטיצע.

מיט עטליכע וואכען צוריק האבען מיר געהאט א דרייוו פאר נייע קליידער פאר די מלחמה־קרבנות, און מיר האבען געזאמעלט איבער 3 טויזענט דאלאר קליידער און אפגעשיקט צו דער פיפעלס רעליף.

אין נאוועמבער האבען מיר באשלאסען צו מאכען א דרייוו נאר פון מעמבערס אליין פאר אן א. ר. לייסעאום, און יעצט האבען מיר שוין איבער 9 טויזענט דאלאר אויף דעם צוועק. און אזוי שנעל ווי עס וועט זיך מאכען דער פאסענדער פלאץ, האפען מיר צו האבען איינעם פון די שענסטע ליי־באר לייסעאומס, וועלכער וועט זיין דער צענטער פאר אלע ראדיקאלען און פאר אלץ, וואס עס איז מענשליך. נאר ביז מיר וועלען האבען אונזער אייגענעם לייסעאום, זיינען אונזערע פרויען געווארען זעהר טעטיג צו גרינדען אן א. ר. שולע און זיי האבען שוין אלץ פארטיג.

איך וויל אנצייגען אויף נאך א פאקט, ווי דער א. ר. אין מעמפיס איז געווארען א פאקטאר אין דער אידישער גאס.

מיט עטליכע חדשים צוריק האט די אידישע באפעלקערונג באשלאסען צו מאכען א דרייוו פאר א אידישען האספיטאל, און דער א .ר. איז געווען די איינציגע ארגאניזאציע, צו וועלכער מען האט זיך געווענדעט צו זאגען דאס ווארט. און דער א. ר. האט געפאדערט, אז דער האספיטאל זאל זיין אן אינסטיטוציע אויף א דעמאקראטישען יסוד און אלע אידישע ארגאניזאציעס זאלען זיין גלייך פארטראטען, און אונזער פאדערונג איז ערפילט געווארען.

פ. פערלמאן, סעק. בר. 312.

---

ווערטער רעדאקטאר!

איך גלויב, דאס דער א. ר. איז יעצט געקומען צו א שטופע, ווען מיר מוזען זיך פארטראכטען וועגען מער עקאנאמיע אין אונזער פארוואלטונג.

דער ארבייטער רינג איז יעצט פאררעכענט אלס איינער פון די מעכטיגסטע ארגאניזאציעס אויף אונזער אידישער גאס. דאך זיינען ביי אונז אויסגעוואקסען די לעצטע צייט זעהר וויכטיגע פראבלעמען, וועלכע פאדערען א שנעלע לייזונג. צום ביישפיל, די העכערונג פון אונזער קראנקען־בענעפיט. עס הייבט זיך אן פילען א נויטווענדיגקייט פאר א היים פאר אונזערע אלטע מיטגלידער, און נאך אנדערע זעהר וויכטיגע פראגען. אום צו לייזען די וויכטיגע פראבלעמען וועט זיך פאדערען אן אונגעהויערע גרויסע סומע געלט. דארום גלויב איך, אז אונזער גרויסע מיטגלידערשאפט וואלט בעסער געווען געניינט, אז דאס געלט פון קאנווענשאן פאנד זאל פארנוצט ווערען אויף לייגען דעם פונדאמענט פאר אזא וויכטיגער אינסטיטוציע ווי א היים פאר אונזערע אלט מיטגלידער, אדער אן אנדער וויכטיגע אינסטיטוציע.

איך גלויב אויך, אז אונזערע יערליכע קאנווענשאנס מוזען אפגעשאפט ווערען דערפאר, ווייל די קאנווענשאנס, זייענדיג צו אפט, ווערען אזוי וואכענדיג, עס הייבט זיך אן פילען אזא קאלטקייט אין אונזערע ברענטשעס צו די קאנווענשאנס, אז איך בין געקומען צום באשלוס, אז האבען א קאנווענשאן יעדען יאר איז גוצלאז.

מיין מיינונג איז, אז א קאנווענשאן יעדע פינף יאר איז יעצט דאס פראקטישסטע פאר דעם א. ר. פון אלע שטאנדפונקטען.

לואיס וועקסלער, סעק בר. 254, שיקאגא.

---

## דער ערשטער ברענטש אין מאסס.

### הונדערטער ארבייטער פון באסטאן און אומגעגענד האבען זיך זונטאג נעפרייט מיט דעם טשארטער פון ארבייטער רינג

זונטאג ביוטאג איז אין פארד האל אפגעהאלטען געווארען דער טשארטער־פעסטיוועל פון ארבייטער־רינג. עס זיינען געקומען הונדערטער ארבייטער פון און ארום באסטאן בייצוואוואינען די הערליכע אויפדרוקספולע צערעמאניע און זיך צו פרייען געמיינשאפטליך מיט דעם זיג פון ארבייטער־רינג.

די פארזאמלונג איז דורכגעפירט געווארען אויף דעם שענסטען ארט. דר. פאלמער, דער טשערמאן פון מיטינג, האט די פארזאמלונג ערעפענט, ערקלערענדיג אין קורצען די גרויסע שוועריגקייטען, וואס דער ארבייטער־רינג האט געהאט צו באזייטיגען ביז וואנען ער איז ענדליך אריין אין דעם סטייט צו בלייבען און שאפען פאר אייביג.

ראבמילאוויטש, דער טשערמאן פון דער לייבאר ליג, האט באגריסט דעם ארבייטער־רינג אין נאמען פון די טויזענטער לייבאר־ליג מיטגלידער און ערקלערט, אז די זעלבע מיטגלידער, וואס האבען מיט אזא אויסדויער־קראפט געווארט פאר דעם ארבייטער־רינג צו ווערען געזעצליך אין דעם דאזיגען סטייט, וועלן אויך אין דער צוקונפט פארזעצען די ארבייט פאר דעם ארבייטער־רינג מיט מער ענערגיע און באגייסטערונג.

גענאסע באסקין, דער גענעראל־סעקרעטאר פון א. ר., האט געקראגען א זעהר ווארימע אויפנאמע. אין אן ערנסטער און געלונגענער רעדע האט ער ערקלערט די אויפגאבע פון ארבייטער־רינג. — „דער ארבייטער־רינג שטרעקט אויס א ברודערליכע האנט צו די ארבייטער, וואס ארבייטען אין די שעפער, די אינטערעסען פון עקספלואטירטע און אונטערדריקטע זיינען אונזערע אינטערעסען" — האט באסקין געזאגט — „מיר זיינען א פרידליכע ארגאניזאציע און מיר רופען אלע ארבייטער, וואס זיינען באגייסטערט פאר דעם אידעאל פון ארבייטער־רינג, צו קומען אין אונזער רייען און העלפען אונז מאכען דעם ארבייטער־רינג וואס שענער און מעכטיגער. דער ארבייטער־רינג עפערט דעם אידישען ארבייטער ניט נאר פארזיכערונגס־מיטלען געגען נויט, נאר ער האט אויך אלס זיין אויפגאבע צו אנטוויקלען אים קולטורעל און גייסטיג." — נאך זיין רעדע האט באסקין אינכטאלירט דעם ערשטען ברענטש, וואס איז ניט לאנג געגרינדעט געווארען אין באסטאן אלס דעם פיאנער ברענטש 666 פון ארבייטער־רינג אין מאסאטשוזעטס סטייט. די מצבע ביים אינסטאלירען דעם ערשטען ארבייטער־רינג ברענטש וועט בלייבען אומפארגעסליך פאר יענע, וואס האבען דאס צוגעזעהן. אונטער דעם געזאנג פון דער ארבייטער־רינג מארסעליעזע און אונטער א דונער פון אפלאדיסמענטען האבען זיך אויפגעשטעלט אויפ'ן פלאטפארם די מיטגלידער פון ווילנער ברענטש. קוקענדיג אויף אט דער גרופע מענער און פרויען, וועלכע האבען די ערשטע געענטפערט דעם רוף פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע — האט מען פאר זיך געזעהן א צווייג, וואס פאנגט אן בליען אין דעם דאזיגען סטייט — א צווייג, וועלכער וועט אין א גאר קורצער צייט אויסוואקסען אלס א גרויסער טייל פון ארבייטער־רינג אין דעם סטייט.

קאנגרעסמאן גענאסע מאיר לאנדאן איז זעהר ווארים אויפגענומען געווארען פון דעם עולם. ער האט ארומגערעדט די שוועריגקייטען, וועלכע די אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג באגעגנט אויף איר וועג צו פראגרעס און האט אפעלירט צו די אנוועזענדע, אז זיי זאלען זיך נים ארוינלאזען אין תקירות, נאר טאן ממשות'דיגע ארבייט צו שאפען און בויען א מעכטיגע באוועגונג. — „דער ארבייטער־רינג איז איינע פון די בעסטע און שענסטע ארבייטער־ארגאניזאציעס אין אמעריקא און עס איז די פליכט פון יעדען אידישען ארבייטער זיך אנצושליסען אלס א טייל פון דעם ריזיגען ארדען און אים מאכען וואס גרעסער, שטארקער און איינפלוסרייכער" — האט לאנדאן געענדיגט.

דער מאס־מיטינג האט געמאכט אזא איינדרוק אויף די אנוועזענדע, אז עס קומען אן פראגען פון הונדערטער מענשען בנוגע דעם אריינטרעטען אין ארבייטער־רינג.

די אלע, וואס פארלאנגען אינפארמיישאן וועגען אנשליסען זיך אין ארבייטער־רינג, זאלען זיך ווענדען צו דער מאסס. ארגאניזאציאנס קאמיטע פון ארבייטער־רינג, וועלכע געפינט זיך אין 7 איטאן סט. יעדען אוונט.

---

## ארבייטער־רינג בר. 533, לענסינג, מיש.

דורך דער קורצער צייט וואס אין לענסינג, מישיגען, האט זיך געגרינדעט א ברענטש פון א.־ר. האט עס אריינגעבראכט א נייע לעבען אין דעם פראגרעסיווען טייל פון דער אידישער באפעלקערונג, כאטש אין גאנצען באשטעהט די אידישע באפעלקערונג פון א 60 ביז 70 פאמיליעס. דאך איז אונז געלונגען דורך דער קורצער צייט דורכצופירען איינינע אונטערנעמונגען.

דעם 10טען יאנואר האבען מיר געהאט א מאס־מיטינג, מיט גענאסע אב. עפשטיין, און דער מיטינג האט אריינגעבראכט $361.50 פאר די מלחמה־ליידענדע.

דעם 24טען יאנואר האבען מיר געהאט א מאס־מיטינג, מיט גענאסע ס. לעווענסאן פון דעטראיט דיסטריקט קאמיטע, און ער האט אריינגעגעבען מוט און באגייסטערונג פאר ווייטערדיגער ארבייט.

מיר לאזען זיך פילען מיט אונזער טעטיגקייט. און מיר האפען אויף ווייטער צו טאן גוטע ארבייט פאר דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג.

ג. ראזענבוים, סעק. בר. 533, לענסינג, מיש.

---

## בר. 250 פייערט זיין בר־מצוה

דעם 9טען דעצעמבער האבען מיר געהאט וואלען פאר נייע אפיסערס. עס איז באשטימט געווארען, אז איין מעמבער זאל נים האבען מער ווי איין אמט, כדי ער זאל ריכטיג אטענדען צו דער ארבייט, פאר וועלכער ער איז ערוויילט געווארען.

דעם 1טען יאנואר האט אונזער ברענטש געפייערט זיין בר־מצוה מיט א גרויסארטיגען באנקעט אין לייבאר לייסעאום האל. עס איז געווען אינטערעסאנט, און עס האט זיך געפילט אזוי גוט צוצוקוקען די גרויסע משפחה, וועלכע איז געווען פארזאמעלט צוליב דעם גרויסען יום־טוב, און דורכגענומען מיט קינדערישע פרייד, ווי גליקליכע קינדער. ער איז געווען אזא געהויבענע שטימונג, אז די מעמבערס וועלען דאס האבען לאנג צו געדענקען. די וואס זיינען געשטאנען ביים ווינעל פון ברענטש האבען זיך גאר נים געקאנט אפ' חדושי'ן ווי גרויס און שטארק ער איז אויסגעוואקסען אין אזא קורצער צייט.

אלע ראדיקאלע ארגאניזאציעס זיינען געווען פארטראטען ביי דעם באנקעט און יעדע האט בא־גריסט דעם ברענטש.

דער ערשטער מיטינג אונזערער פון נייעם יאר האט זיך שוין אויסגעצייכענט מיט א גוטער זאך וואס די מעמבערס האבען זיך נעטעקסט מיט 5 דאלאר א יאר, וועלכער זאל געהן פאר דעם אויפהאלט פון דער ארבייטער־רינג שולע.

עס צייגט זיך ארוים, אז אלע אונזערע מעמבערס ווייסען און פארשטעהן דעם מאמענט, זיי ווייסען און פילען ווי אזוי די רעאקציע האט אנגעהויבען צו בושעווען ביי אונז אין לאנד און זוכט אויסצורייסען, שמירצען און פארניכטען אלץ וואס שמעקט מיט אביסעל ראדיקאליזם.

ס. רובין, בר. 250, פיטסבורג.

# THE FRIEND



# דער פריינד

Vol. XII MAY. 1921 No

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

יאָר דאָס איין און צוואַנציגסטע בלעטל פון דער
יאָר געשיכטע פון אונזער אָרדען איז אונז אויסגעקומען
אָנצושרייבען אין אַ זעהר אומגינסטיגער צייט. דאָס
איז געווען איינער פון די ערגסטע, פון די גדריקטסטע, און
ייכט אויך פון די פיינליכסטע, אין דעם לעבען פון ראַדי־
ע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס דאָ אין לאַנד. מיר זיינען
ען עדות, ווי גרויסע, מעכטיגע קערפּערשאַפטען זיינען כמעט
אַמענגעבראָכען. ניט נאָר אַ דאַנק דער פּאָליטישער און
נאָמישער רעאַקציע, וועמעס קורס האַלט אַלץ אין שטייגען,
אויך צוליב דער ספּעציעל גדריקטער שטימונג ביי דעם
ם; גדריקט צוליב דעם, וואָס די האָריזאָנטען האָבען זיך
נגעקורטשעט, די פּערספּעקטיווען האָבען זיך איבערגעהאַקט
באַדיגע גרויסע אַקציעס אויפ'ן פּאָליטישען און עקאָנאָ־
ען פעלד. דאָס איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער יאָר. פון
איבערגאַנגס־צייט, פון אַן אָפּהאַלט אין דעם אָטעם פון
עסיווע אָרגאַניזאַציעס. ער איז געווען כאַראַקטעריסטיש
דער אַפּאַטיע פון די מאַסען און מיט דער הילפלאָזיגקייט
די פירער; כאַראַקטעריסטיש מיט דעם טריאומף־צוג פון
רעאַקציע אויף אַלע פראָנטען און מיט דעם ריקצוג פון די
גרעסיווע כחות אויף אַלע געביטען.

דאָס איז, פאַרשטעהט זיך, אויך געווען אַ ניט זעהר גע־
ענער יאָר פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם אַרבייטער־רינג.
זיינען אַ טייל פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. ניט נאָר אַ
פון איר ביין, און פלייש פון איר פלייש, נאָר אַליין אַ
ק האַרץ פון איר. אין אונזער אָרגאַניזאַציע פּולסירט דער
ער נערוו, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אויפ־
ינג, אָדער, פאַרקערט, פאַר דעם שטילשטאַנד פון דער גאַנ־
אַרבייטער־באַוועגונג. מיר קענען ניט זיין קיין אויסנאַם
דעם אַלגעמיינעם געזעץ פון דער געשיכטע. אָבער דאָך,
ן די אַלע אומגינסטיגע אומשטענדען, ווען מיר וואַרפען
ורכדרינגענדען בליק איבער דער טעטיגקייט פון אונזערע
טעם איבער'ן גרויסען לאַנד, ווען מיר סומירען די אַרבייט
די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע קאָמיטעס, וואָס שטעלען צו־
ען די גענעראַל עקזעקוטיווע פון אַרבייטער־רינג, ווערען
אַליין פאַרוואונדערט. טראָץ די אומגינסטיגע אומשטענ־
טראָץ דעם אינדיפערענטיזם, טראָץ דער אַפּאַטיע און
ענגיגקייט אין אונזערע רייען, איז דער סך־הכל אויף אַזוי
גינסטיג, אויף אַזוי פיל ערפרייענד, אַז מיר קענען זיך ניט
פען, ווען מיר דערפילען בשעת מעשה אַ באַזונדערע וואַ־
ייט, ניט פון פוסטען שטאָלץ, נאָר פון דעם באַוואוסטזיין,
יר זיינען איינע פון די געזינטסטע אברים, ניט נאָר ביי
אידישען פאָלק דאָ אין לאַנד, נאָר אויך ביי דער אַלגעמיי־
אַרבייטער־באַוועגונג. ניט נאָר זיינען מיר ניט צוריקגע־
פען געוואָרען צו הינטערשטע פּאָזיציעס, ניט נאָר האָבען
ניט איינגעשרומפען אונזער טעטיגקייט און פאַרלאָרען אין
פלוס, אין מיטגלידער, און אין מאַטעריעלען רייכטום, נאָר
וערט. מיר האָבען געמאַכט גאַנץ קענטיגע וואַנס־טריט
פילע געביטען, און אויף אַנדערע געביטען — אמת'ע
טריט.

מיר קומען צו דער איין און צוואַנציגסטער קאָנווענשאָן
אַרבייטער־רינג מיט אַ גאַנצער רייע ערפרייענדע רעזול־
ען, און מיט די בעסטע פּערספּעקטיווען פאַר אַ ווייטער־
נאָרמאַלער אַנטוויקלונג.

---

די גרעסטע שטרויכלונגען אין וועג האָט געהאַט די אָר־
אַניזאַציאָנס קאָמיטע. איר באַדען איז שטענדיג מער עמפינד־
ליך צו אַלע רעגונגען, ענדערונגען — „עבע און פלוט“ פון דעם
געזעלשאַפטליכען לעבען. זי דערפילט גלייך, ווי דער פיינסטער
באַראָמעטער, די ענדערונגען אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָ־
מישער „טעמפּעראַטור“. וואו זי האָט זיך אַ קער געטאָן מיט
אירע אַרבייטען, האָט זי באַגעגענט ניט נאָר אויסערליכע
מניעות, נאָר אויך אַ פאַרהאַרטעוועטען אינדיפערענטיזם, אַ
געפרוירענע גלייכגילטיגקייט און אַ געפרעסטע שטימונג צווישען
אונזערע טוער. און עס איז ניט קיין וואונדער: דאָ און דאָרטען
לאַנג פאַרצויגענע סטרייקס, ביטערע קאַמפען איינצוהאַלטען
דאָס ביסעל ערוואָרבענע פאַרבעסערונגען אין לעבען, די שטיק־
לעך און ברעקלעך, וואָס זיינען אַרויסגעריסען געוואָרען, ווי מיט
קליעסטשעס, פון די לאַפּעס פון קאַפּיטאַל. אָבער ערגער ווי די
עקאָנאָמישע לאַגע האָט געמאַטערט די פּערספּעקטיווע ביי אונז
אין אַמעריקאַ. דאָס לאַנד איז איבערגעגעבען צו דער הער־
שאַפט פון דער אויסגעשפּראָכען קאָנסערוואַטיווער, אָפען רע־
אַקציאָנערער און פעך שוואַרצער פרעך־האַנדלענדער רעפּובלי־
קאַנער פּאַרטיי. אירע פאַנאַנדערגעשפּרייטע פליגלען פאַרשטע־
לען דאָס ביסעלע שיין, וואָס האָט אַהער רעפלעקטירט פון אַנ־
דערע לענדער. איר חוצפּה'דיגע האַלטונג האָט טאָרמאָזירט
דעם אימפּעט, פאַרגליווערט דעם אָטעם. אין אַן אַטמאָספערע,
וואו גרויסע רעזולטאַטען זעהן אויס צו זיין ווי אַ חלום, און
ווען אַפילו איבער די חלומות הייבען אויף צענזורען זייער האַק
און שער, קאָן ניט געטאָן ווערען קיין אַגרעסיווע אַרבייט, קאָנען
די אָרעמס פון די געוואַגטסטע טוערס ניט הייבען זיך און ניט
באַוועגען זיך.

ווען אונטער אַזעלכע אומשטענדען ברענגט אונז די נאַציאָ־
נאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו דער קאָנווענשאָן אַ נעטען
צואוואוקס פון פינף טויזענט מיטגלידער, איז דאָס באמת אַ
מע־קווירדיגער אויפטו, אַ גלענצענדער ערפאָלג. דאָס זעלבע
איז פאָרגעקומען אין דעם רעליף־קאַמפּיין פון אַרבייטער־רינג.
דער עולם האָט אין די לאַנגע מאָנאַטען פון אַרבייטסלאָזיגקייט
און עקאָנאָמישער אומזיכערהייט אַרויסגעצויגען די לעצטע אָפּ־
געשפּאָרטע פענים. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז גרויסע
מאַסען פון אַלטע אַרבייטער־רינג מיטגלידער האָבען זיך געלאָזט
שטרייכען צוליב דעם, וואָס זיי האָבען בשום אופן ניט געקענט
צאָלען זייערע בילס. ווי האָבען מיר געקענט ערוואַרטען, אַז
אַפילו אַ גאַנץ קליינער חלק פון דער ריזיגער סומע פון פינף און
זיבעציג טויזענט דאָלאַר זאָל קענען געזאַמעלט ווערען? און
דאָך האָבען מיר אַפילו אויף דעם געביט אַוועקגעלייגט אַ גרוי־
סע אַרבייט. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט צו דערציילען
פון פילע, פילע ברענטשעס, וואָס זיינען ווערט באַוואונדערט
צו ווערען פאַר זייער איבערגעבענהייט און אויסגעוויינליכע אָנ־
שטרענגונגען פאַר דער הייליגער אַרבייט. מיר האָבען געזאַ־
מעלט היבשע עטליכע צענדליג טויזענט דאָלאַר, טראָץ די בי־
טערע אומשטענדען, טראָץ דעם אָנהאַלט פון דער שלעכטער
צייט.

אין אַ לאַנגען סך־הכל האָט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ניט
אָפּגענאַרט אונזערע ערוואַרטונגען, און געוויס וועט די קאָנ־
ווענשאָן פאַרשטעהן ווי דאָס אָפּצושעצען.

---

די איבעריגע נאַציאָנאַלע קאָמיטעס זיינען אויך ניט אָפּ־
געשטאַנען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און האָבען מיט־
געהאָלפען אין דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון אַרבייטער־רינג
פאַר דעם יאָר. די בענעפיט קאָמיטע האָט אָנצואווייזען אויף אַ
ריזיגען סורפּלוס אין אירע פאָנדען. זי האָט ווי געהעריג דער־
פילט אירע אויפגאַבע אין קאָנטראָלירען די טויזענטער און

טויזענטער קראנקען־פּאַלען און פאַרלאַנגען פאַר קראַנקען בע־
נעפיט. זי האָט גרינדליך נאָכגעפאָרשט און אונטערזוכט די
אורזאַכען פאַרוואָס ברענטשעס האָבען זיך ספּעציאַליזירט אויף
„ערויסצונעמען" פאַרהעלטענסמעסיג מער קראַנקען־בענעפיט ווי
אַנדערע ברענטשעס. דאָרט, וואו מען האָט געדאַרפט זיין
שטרענג, איז עס באַוויזען געוואָרען צו טאָן טראָץ דעם, וואָס
אַלע אירע האַנדלונגען זיינען געווען אין דעם אמת'ן מיטפילענ־
דען און חבר'שען גייסט, מיט וועלכען עס איז דורכגעדרונגען
אונזער גאַנצער אָרדען.

---

אויך די אָפּיס קאָמיטע האָט דערפילט אירע אויפגאַבען
אונטער זעהר שלעכטע אומשטענדען. זי האָט אָפּערירט מיט
ניט גינסטיגע פאַרוואַלטונגס־פאָנדען. די אדמיניסטראַציאָנס־
אויסגאַבען פון דעם אָפּיס זיינען א דאנק די העכערונגען אין
רענט, שכירות פאַר אַנגעשטעלטע און אָפּיס מאַטעריאַלען גע־
שטיגען צו אַזא מדרגה, אַז די אָפּיס קאָמיטע איז געצוואונגען
צו פאַרענדיגען דעם יאָר מיט א היבשען דעפיציט. זי האָט
אָבער געטאָן אַלץ, וואָס אין אירע כחות און צוזאַמען מיט דעם
גענעראַל־סעקרעטאַר פאַרוואַלטעט די גרויסע מאַשינעריע פון
דעם אַרבייטער־רינג אויף א העכסט עקאָנאָמישען און צופרי־
דענשטעלענדען אופן. איר אוידיטינג דעפּאַרטמענט האָט נאָך
מער אויסגעברייטערט זיין טעטיגקייט. זעהר א גרויסע צאָל
ברענטשעס האָבען געבראַכט פאַרוויירטע, אומפּראַקטיש געפיר־
טע ביכער צו א פאָלקאָמען צושטאַנד.

---

אין שלעכטע יאָרען זיינען שטענדיג פאַראַן מער קאָנ־
פליקטען, מער רייבונגען צווישען מענש און מענש, צווישען
אינסטיטוציע און אינסטיטוציע. דער אַלגעמיינער שווערער
יאָר האָט רעפלעקטירט אויך אויף דער גריוועגס קאָמיטע,
וואָס האָט געדאַרפט פאַרהאַנדלען די פאַרשידענע קאָנפליקטען,
קלאַגען און אַפּילס. עס איז איר אויסגעקומען אויך צו ענט־
שיידען וועגען זעהר וויכטיגע פראַגען, וואָס האָבען א פּרינציפּ־
פיעלען ווי אויך א פּרעצידענטאַלען כאַראַקטער. זי האָט גע־
האַט א שווערען יאָר אַרבייט, און זי קומט צו דער קאָנווענשאָן
מיט דעם פולען באַוואוסטזיין, אַז זי האָט דערפילט איר אויפ־
גאַבע.

---

די סאַניטאַריום קאָמיטע קומט צו דער קאָנווענשאָן מיט
איינעם פון די שענסטע רעקאָרדס, וואָס א סאַניטאַריום קאָ־
מיטע אין א. ר. האָט ווען געמאַכט. אויף איר איז אויסגעפאַלען
דער גורל, ווי אויף דעם האַלבען לעגענדאַרען קעניג שלמה, צו
האָבען א שטילע פאַרוואַלטונג. די, וועלכע האָבען זיך אינטע־
רעסירט מיט די פּאַסירונגען אין אונזער סאַניטאַריום פאַר די
לעצטע יאָרען, וועלען געוויס באַגרייפען די פולע באַדייטונג
פון דעם וואָרט „שטילע פאַרוואַלטונג". ניט נאָר איז דאָס א
גרויסע אינסטיטוציע מיט פיל אַנגעשטעלטע, מיט א גרויסען
בודזשעט און מיט נאָך גרעסערע פאַראַנטוואָרטליכקייטען, נאָר
אויך גלייכצייטיג א באָדען, וואו עס איז מעגליך און כמעט
אָבליגאַטאָריש, אַז עס זאָל דאָרטען פאָרקומען מיספאַרשטענ־
דענישען און קאָנפליקטען. שווינדזוכט־קראַנקע זיינען אויך
נערוועזע־קראַנק, עמפּינדליך אויפגעשפּיצט, און זאָל נאָר אריינ־
פאַלען א קליינער פונק, און א דראַמאַטישער קאָנפליקט קומט
אַלס רעזולטאַט. עס איז כמעט אוממעגליך, אַז פאַר א גאַנצען
יאָר צייט זאָל ניט פאָרקומען אונטער אַזעלכע אומשטענדען
קיין איין קאָנפליקט אין די באַציהונגען פון דער פאַרוואַלטונג
און די אַנגעשטעלטע פון דער פאַרוואַלטונג צו די פּאַציענטען,
און פאַרקערט. אין אונטערהאַלטונגען פאַר די פּאַציענטען האָט
אויך די סאַניטאַריום קאָמיטע אין דעם יאָר איבערגעשטיגען
אַלץ, וואָס ס'איז געטאָן געוואָרען פון די פריעדריגע קאָמיטעס.
זי האָט צו זיי געבראַכט ערשט־קלאַסיגע קאָנצערטיסטען, ווי
עלמאַן, ראָזענבלאַט און ווינאָגראַדאָוו, ווי אויך גוטע
לעקטאָרס. זי האָט ניט געשפּאָרט, ניט געקאַרגט. די גרעסטע
אָנשטרענגונגען האָט זי געמאַכט כדי צופרידען צו שטעלען אונ־
זערע אינוואַלידען ניט נאָר אין זייערע פיזישע באַדערפענישען,
נאָר אויך אין זייערע גייסטיגע נויטען.

אמת, די סאַניטאַריום קאָמיטע קומט מיט א דעפיציט.
אָבער דאָס איז א גאַנץ פאַרשטענדליכע זאַך. די קאָסטען פון
אדמיניסטראַציע, פון פּראָדוקטען, און פון אַלע זאַכען וואָס
אַזא סאַניטאַריום ווי אונזערער דאַרף האָבען, זיינען כסדר
שטיגען און געשטיגען, און עס איז פאַרשטענדליך, אַז אונ[זער]
קאָנוועשאָן וועט מיט פאַרגעניגען געפינען מיטלען ווי
דעם דעפיציט גוט צו מאַכען.

---

[...]ייט אויסערגעוויינליכער פאַרגרעסערונג און פאַנאַנ[...]
ברייטונג אין אַרבייט קומט די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע. זי [...]
אויפגעעפענט א גאַנצע רייע נייע קולטור־אינסטיטוציעס, זי [...]
געדעקט מיט א טור די ווייטסטע ווינקלען אין דעם לאַנד, זי [...]
פאַרפלאַנצט נאָך עטליכע צענדליג אַרבייטער רינג שולע[...]
האָט פאַרגרעסערט איר פאַרלאַג־אַרבייט, און האָט אונט[...]
מען א נייע אונטערנעמונג. די אויסגאַבע פון דעם אילוסטרי[...]
קינדער־זשורנאַל, „קינדערלאַנד".

אויך די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע קומט מיט א גר[...]
דעפיציט. אָבער ניט אין אַלע איהרע פאָנדען. דער שול־[...]
געפינט זיך אין א גאַנץ נאָרמאַלען צושטאַנד. ליידער אי[...]
שווער פאַר דעם שרייבער פון די שורות צו געבען אן אָפּשאַ[...]
וועגען דער ברייטער טעטיגקייט פון דעם דעפּאַרטמענט.

---

די „האָום אָפּיס קאָמיטע" האָט פאַר איהר קליינעם [...]
זשעט, וואָס זי האָט געהאַט פאַר זיך אויסגעאַרבייט בו[...]
פּלענער פאַר אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען אָפּיס אין ניו [...]
זי וועט זיי פאָרברייינגען פאַר דער קאָנווענשאָן. אָהן שי[...]
וועלען אונזערע דעלעגאַטען אָפּשאַצען איר אַרבייט מיט [...]
וואָס זיי וועלען געבען מעגליכקייטען צו פאַרווירקליכען [...]
פּלענער.

---

סומירענדיג דעם סך הכל פון דער טעטיגקייט פון [...]
קאָמיטעס, גיט איבער די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע צו דער [...]
ווענשאָן א שטאַרקערן אָרדען מיט אָפענע טירען, אין א [...]
שטאַט, אין וועלכען עס הייבט זיך איצט אָן א ברייטע אַר[...]
זי קומט מיט אויפטואונגען אויף אַלע געביטען. זי איז [...]
אויסצוהערען אָנפראַגען, אינטערפּעלאַציעס, אַזוי גוט ווי [...]
דערליכע קריטיק. פון פעלערן זיינען נאָר פריי די, וועלכע [...]
גאָרניט. זי איז גרייט צו ענטפערן, צו ערקלערן, און צו [...]
ריכטען געמאַכטע טעות'ן, אויב אַזעלכע זיינען געווען (או[...]
זיינען אַזעלכע ניטאָ?). זי קומט אָבער מיט דעם פולען [...]
וואוסטזיין, אַז זי האָט ערפילט די האָפנונגען וואָס זיינע[...]
איהר געלייגט געוואָרען.

---

אונזער קאָנווענשאָן ווערט אָפּגעהאַלטען אין באַס[...]
אויב דאָס אליין וואָלט געווען דער איינציגער אויפטו פו[...]
גענעראַל עקזעקוטיווע, וואָלט זי געמעגט זיך פילען שטאָ[...]
איר אַרבייט. אונזערע פאַרהאַנדלונגען, וואָס מיר וועלען [...]
ביי דיזער קאָנווענשאָן, וועלען שוין מיט דערמיט אליין [...]
היסטאָריש. מיר זיינען זיכער, אַז די דעלעגאַטען וועלע[...]
דער שווערער וואָך אַרבייט פאַרענדיגען די לעצטע שור[...]
דעם 21טען בלעטעל פון אונזער געשיכטע אַזוי שעהן, ווי [...]
געשריבען געוואָרען פון אַלע אונזערע טוער דעם גאַנצע[...]
זאָלען מיר ווייטער פאָרזעצען אונזער שווערע אָבער [...]
אַרבייט!

* * *

**מיר פאַרלאָזען זיך אויף אייך.**

מיר האָבען שוין אין אונזער פע[...]
נומער „פריינד" געצויגען די אויפמער[...]
פון אונזערע ברענטשעס אויף געגאָס[...]
דעמ'ס שליחות אין אַמעריקאַ. מיר האָבען דאַן אָנגעוויז[...]
עס שטעהט פאַר פאַר אונזערע ברענטשעס צו טאָן זייער [...]
צום „בונד" און צו די אידישע אַרבייטער אין פּוילען. פון [...]
צייט אָן איז די לאַגע פון „בונד" ניט פאַרבעסערט גע[...]
אין זיין קאַמף, זיין ביטערער קאַמף, וואָס אים קומט א[...]
פירען אויף טריט און שריט, איז אים ניט לייכטער גע[...]
פאַרקערט, די שרעקליכע עקאָנאָמישע רואינירונג פון די [...]
מאַסען אין פּוילען בכלל, און פון די אַרבייטער בפרט, די[...]

(ענד אויף זייט 14)

# די אַנטיסעמיטישע כוואַליע

פון א. ליטוואַק

עס איז געווען אַ ביסעל טומעלדיג די לעצטע וואָכען אין ונזער אידישע געמויזעכץ צוליב פאָרדס אַנטיסעמיטישע אַטאַ־עס אין זיין זשורנאַל. „אַנטיסעמיטיזם" איז געווען די הויפּט־זיט אַמעריקאַ, מיט דער לאַנד פון „פרייהייט"? מיר זיינען גע־ואוינט געווען דערצו אין דער „פרייער" לאַנד. סטייטש! — אָט מען זיך געאומרוהיגט — וואָס איז דאָס פּלוצלונג געוואָרען ייט אַמעריקאַ, מיט דער לאַנד פון „פרייהייט". מיר זיינען גע־ואוינט געוואָרען צום געדאַנק, אַז דאָ, אין דער נייער וועלט, איז דער „מקלט", וואוהין מיר זיינען אַנטלאָפען פאַר דעם ייראָפּעאישען אַנטיסעמיטיזם; דאָ זיינען מיר אין פינף יאָר ייט געוואָרען בירגער; דאָ האָבען מיר זיך פיין ארויפגע־רבייט; דאָ האָבען מיר דאָס פולע רעכט אויף אַלע קהל'שע, אָליטישע פעטע דזשאָבס. און פּלוצלונג גאָר — נאַ דיר! אַנטיסעמיטישע כוואַליע", „אַנטיסעמיטישע מגפה" דאָ אויך! ין דער „פרייער", אין דער „גאָלדענער" לאַנד.

אָבער ווי איבערראַשענדיג אָט די נייע ערשיינונג איז פאַר ונז געווען, האָט די סענסאַציע דאָך ניט געקאָנט האַלטען צו־אַנג, וואו יעדע פראַגע, פּראָבלעם, קאַטאַסטראָפע, איבערקע־עניש — קאָן אינטערעסירען דעם עולם בלויז אַ פּאָר טעג; עכסטענס אַ פאָר וואָכען צייט. דערנאָך ווערט עס אַלט, ווערט ס צוגעגעסען און דאָס אויג און דער אויער זוכען זיך נייע אַטרעקשאָנס", נייע סענסאַציעס. די פראַגע ווערט ניט גע־יזט, איז ניט מחויב געלייזט צו ווערען; זי געהט פּשוט ראָפּ פון „טאָגעס־אָרדנונג" און — „דערמיט פאַסירט".

אָט דאָס האָט אויך פאַסירט מיט'ן אַנטיסעמיטיזם אין מעריקאַ. ער איז אַראָפּ פון צעטעל און—דאָס גאָר! צי האָט ען געלייזט די פראַגע? האָט מען מיט אַן אמת באַוויזען, אַז ין אַמעריקאַ איז דאָ אַנטיסעמיטיזם אין אַ געפערליכער מאָס? אָט מען געפונען — אויב אַזוי — מיטלען ווי אַזוי צו קעמפען גגען אַנטיסעמיטיזם? אָט די אַלע שאלות זיינען איצט איבע־גע, ווייל די טעמע איז אַראָפּ פון „טאָגעס־אָרדנונג" — דער־יט פאַסירט! . . .

עס איז אָבער גראָד איצט, נאָך דעם טומעל, כדאי אַ ביסעל כצוטראַכטען וועגען דער טעמע. איך וועל פּרובירען דאָס טאָן. ט אַקאַדעמיש — נישט שטעלען די פראַגע אין איר גאַנצען נסט, און ניט פאַרשרייבען רעצעפּטען ווייל איך, נאָר איבער־בען אַ ביסעל געדאַנקען, אַ ביסעל באַטראַכטונגען פונ'ם שוט'ען לעבען, געמאַכט פאַר זיך אַליין באַלד, ווי דער טומעל ין דער פרעסע איז אַריבער. אפשר וועט ער אויך זיין אינטע־נסאַנט פאַר אַנדערע.

איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקאַ?

געוויס—יאָ! אַמעריקאַ איז אָנגעפּראָפּט מיט אַנטיסע־מיטיזם. דייטליכער—מיט שטאָף פאַר אַנטיסעמיטישע עקס־פּלאָזיאָנען, פאַר אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמען אין דער ווילדסטער ארם. אָבער עס האָט זיך ביז אַהער ניט שטאַרק געוואָרפען אין יג, ווייל צו אַ סיסטעמאַטישער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג ז נאָך ניט געקומען. עס איז ניט געווען אין קיינעמס אינ־גרעס צו מאַכען דערפון אַ ציִמעס, שאַפען אַן אָרגאַניזאַציע ט אַ פּראָגראַם, מיט טאַקטיק, מיט אַ פרעסע.

אַנטיסעמיטיזם—פּשוט גערעדט: ראַסענהאַס, פעלקער־ס, מעניש'ענהאַס איז און מוז תמיד זיין אין אַ לאַנד מיט אַרפע סאָציאַלע קאָנפליקטען, מיט אַ נידעריגער גייסטיגער לטור, מיט אומוויסענהייט אין די ברייטע מאַסען. אַזאַ לאַנד ז אַמעריקאַ. און ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך דאָ ניט וואַקסען אין אַזאַ סיסטעמאַטישער באַוועגונג ווי אין אַנדערע נדער, איז דאָס דערפאַר, ווייל די באַדינגונגען פון לאַנד — אַן איינוואַנדערונגס־לאַנד — זיינען אַזעלכע, אַז קיין איין סע אָדער נאַציאָן האָט ניט באַוויזען צו האָבען די פּאָליטישע כט אין די הענט. אַלע ראַסען, אַלע נאַציאָנען אין אַמעריקאַ נען, פאַרהעלטניסמעסיג, פריש איינגעוואַנדערטע. די אַמ־ציע פון יעדען איז ארויפצואַרבייטען זיך און מאַכען געלט, אָדער קריגען אַ פעטען דזשאָב דורך פּאָליטיק. פּערזענליכע ענערגיע און חוצפּה אין אַ גרויסער מאָס, אָט די צוויי זאַכען קענען נאָך עפענען אַ וועג יעדען איינעם, וואָס באַזיצט אָט די טאַלאַנטען, צו אַ גלענצענדער קאַריערע, צו וואָסער ראַסע, נאַ־ציאָן ער זאָל ניט באַלאַנגען.

אויף איין אידישען קאָמוניסט זיינען דאָ, אָן אַ גוזמא, צען אידישע אַלרייטניקעס, פּעדלערס, פּאָליטישענס, און סתם דער־שלאָגענע פאַרטעמפּטע אידען און ווייבער אין אַמעריקאַ. צו וואָס זשע זאָל דער קאַפּיטאַל און איר פּאָליטישע מאַשין איינ־וויקלען דעם קאַמף קעגען קאָמוניזם אין אַמעריקאַ אין אַן אַנ־טיסעמיטישען מאַנטעלע?

איז ניט דער איד גאָמפּערס אַן אייזערנע וואַנט, וואָס „באַשיצט" די הונדערטער טויזענטער אַמעריקאַנער ארבייטער קעגען יעדען „געפערליכען" ווינטעל, וואָס וואָלט קענען פאַר־טראָגען צו זיי קאָמוניסטישע אידעען? טוט ניט דער איד פּוליצער, דער באַלעבאָס פון דער „וואָרלד", דאָסזעלבע בנוגע צו דיזעלבע מאַסען, דורך דער פרעסע? קעמפט ניט דער גאַליציאַנער איד אָקס מיט דעם גאַנצען ברען פון זיין אָק־סענער נשמה צו פאַראָקסען דעם גייסט פון זיינע צענדליגע און צענדליגע טויזענטע לעזער, קעמפענדיג אין זיין צייטונג, „דהי טיימס", קעגען אַלץ, וואָס שמעקט מיט ראַדיקאַליזם? איז ניט רבי סילווערמאַן בלויז מיט איניגע טעג צוריק, אויף אַ ריזיגען מיטינג אין קאַרנעגי האָל, געשטאַנען שטאָל און אייזען דערפאַר, אַז אַמעריקאַ זאָל ניט האָבען קיין מגע ומשא מיט סאָוויעטען־רוסלאַנד?

מ'וואָלט קענען אָנרופען נעמען ממש אָן אַ סוף. נעמען אפילו מיט קלינגענדע ראַדיקאַלע עטיקעטען, וואָס דינען אויס־געצייכענט דער פינסטערער רעאַקציע אין אַמעריקאַ. צו וואָס זשע דאַרף אָט די רעאַקציע פירען אַן אַנטיסעמיטישען קאַמף, שאַפען אַן אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, אויפרייצען די אידישע אַלרייטניקעס קאַריעריסטען, פּאָליטישענס, ראַביים, אַז מ'קאָן זיך מיט זיי אַזוי פיין באַנוצען?

אַלזאָ—דער אַנטיסעמיטיזם, אַלס מיטעל אין קאַמף קעגען „ראַדיקאַליזם", וואָס דאָס מיינט „קאָמוניזם" אויף דעם לשון פון די קאַפּיטאַליסטישע בלעטער, ווי מיר זעהען — טויג ניט, לוינט זיך ניט. די אידישע באַפעלקערונג, אַלס גאַנצע גע־נומען, איז ניט פאַראינטערעסירט אין דעם קאָמוניזם. דאָס ווייסען גאַנץ גוט די יעניגע, וואָס פאַבריצירען דעם אַנטיסע־מיטיזם. זיי ווייסען אויך, אַז באַנוצען די אַנטיסעמיטישע הע־צע אַלס געווער קעגען קאָמוניזם אין אַמעריקאַ, וואָלט געבראַכט גאַנץ היפּוכ'דיגע רעזולטאַטען. דאָס וואָלט געטריבען דעם אי־דישען אַלרייטניק, פּעדלער, מאַנופעקטשורער, אַגענט, דאָקטאָר, לאָיער, טעאַטער־מענעדזשער און נאָך און נאָך אַזעלכע אידען, וואָס זיינען דירעקט אָדער אינדירעקט פאַראינטערעסירט אין דער אויפהאַלטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג — גלייך אין די אָרעמס פון דער רעוואָלוציע. וואָרים, ווי כשר־פּאַטריאָטיש און קליינבירגערליך שמח־בחלקו'דיג אַ איד זאָל ניט זיין, פאַרשטעהט ער דאָך גאַנץ גוט פון דער ביטערער ערפאַרונג דאָרטען, אין דער אַלטער היים, אַז צווישען די צוויי צרות: פּאָגראָמען, מאָרדונגען און שענדונגען פון איין זייט און קאָ־מוניזם פון דער אַנדער זייט, איז קאָמוניזם אַ קלענערע צרה.

זעהען מיר אַלזאָ באַשיינפערליך, אַז אַלס קאַמפּסמיטעל קעגען דער רעוואָלוציע באַצאָלט זיך ניט דער אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקאַ. אַלאַ וואָס דען? וועלען מיר זאָגען פאַרקערט: דער אַנטיסעמיטיזם האָט בכונה דעם קאַמף קעגען אַן אַנדער עלעמענט — קעגען דעם אידישען קאַפּיטאַל, די אידישע באַנ־קירען מצד דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל, ווי פאָרד סטאַרעט זיך אונז איינצושמועסען. דאַרפען מיט זיך דערפאַר געוויס ניט שרעקען. וואָרום, ערשטענס, ווי זאָגט דאָרט אַ גוי'איש ווער־טעל: „איין ראָב דעם צווייטען וועט קיין אויג ניט אויספּיקען." און צווייטענס, פאַרשטעהען די רעדעלפירער פון דער פּאָליטי־

שער מאשין, אז א קריג אין דער אייגענער משפחה פונ'ם קאפיטאל קען נאר ברענגען נוצען די אלגעמיינע שונאים פון ביידע קריגערישע צדדים — טאקע די לינקע פארטייען גופא, וואס מאכען קיין חילוק ניט צווישען „איד" און „קריסט".

און טאמער, די בייזע שעה זאל ניט זיין, וועט זיך טאקע איינגעבען פארדען מיט זיין חבריה אנצוזאלצען די אידישע באנקירען — וואס האט דאס צו טאן מיט אונז, מיט אידישע פראלעטאריער? אין לעצטען פאל, טאמער האט איינער פון אונז אן אפגעשפארטע פאר דאלער אין א אידישער באנק, זאל ער עם ארויסנעמען. און זאל מען עם ארייננטאן אין אן אייגענער פראלעטארישער קאאפעראטיווער באנק. אי וואס? אזא באנק איז נאך ניטא? איז טאקע די קשיא: פאר וואס זאל אזא באנק ניט זיין?

מיט איין ווארט: ווי מיר זאלען ניט באטראכטען דעם ענין: דער אנטיסעמיטיזם אלס געזעלשאפטליכע, אלס פאליטישע באוועגונג, האט קיין באדען ניט אין אמעריקא.

און פונדעסטוועגען וואלט איך בשום אופן ניט ראטען אונזערע אמעריקאנער אידען, אז זיי זאלען אין גאנצען אוועקמאכען אונטער'ן האנט די איצטיגע אנטיסעמיטישע העצע. אויב זי איז ניט געפערליך איצט, קען זי ווערען געפערליך שפעטער. מ'דארף געדענקען, אז אן א שום סיסטעמאטישער, אנטיסעמיטישער ארגאניזאציע איז דא א ברייט פעלד פאר פאגראמען אין אמעריקא און פאר אלע שרעקליכע גרויסע מעשים, ווי אין פוילען און אוקראינע. אזוי לאנג ווי דער קאפיטאל פילט זיך רוהיג און זיכער, איז ניטא וואס מורא צו האבען פאר אטאקעס פונ'ם צעבושעוועטען פעבעל. ניט אלע מאל וועט עס אבער אזוי בלייבען אין אמעריקא. אמעריקא האט ניט קיין אייגענע זעלבסטשטענדיגע קולטור. זי געפינט זיך אונטער דער שטארקער השפעה פון אייראפא. ווען אייראפא זאל ווידער נעמען שטורמען, וועט זיך דער שטורם, פריער צי שפעטער, מוזען איבערווארפען אויך אויף דער זייט ים. און ראסען- און פעלקער-אויפרייצונג איז דער בעסטער און אויסגעפרובירטער אפציהונגס-מיטעל אין אזוינע פאלען. עקספלאדיר-שטאף איז דא אין די גרויסע שטעט פון אמעריקא איבערגענוג — א די קלאסען-קאנפליקטען, אין דער אומוויסענהייט פון די מאסע די גרויסע אמעריקאנער שטאט איז אינטערנאציאנאל. לוי אויביגען שכל דארפען דא די פעלקער לעבען בשלום צוויש זיך, ווייל אלע זיינען דא איינגעוואנדערטע, ווייל יעדעס פא איז דא אין גלות. אין אמת אבער, דוקא צוליב דעם, האב די פעלקער ניט קיין געלעגענהייט באקאנט צו ווערען מי אנאנדער, רעספעקטירען איינס דאס אנדערע. דער עיקר אבער מחמת דער אויבען אנגעוויזענער סבה, דאס: דער אומוויסע הייט, רויקייט פון די מאסען.

ברייט פארצווייגטע און טיף ארייננדרינגענדע קולט רעלע ארבייט אין די מאסען פון אמעריקא — אט דאס איז די ווירקזאמסטער מיטעל קעגען דער אנטיסעמיטישער מגפה ד אין דער נייער וועלט, ווי אומעטום. די אידישע דעמאקראט (דאס ווארט „דעמאקראטיע" ווערט דא געברויכט אין דעם ה מישען, ניט אין דעם אמעריקאנישען זין) קען ניט האבען זעלבע רעצעפטען קעגען אנטיסעמיטיזם, ווי דער אידישער ק פיטאליסטישער און בירגערליכער קלאס האט. אט די צו קלאסען זיינען שוין מיט זייער וועזען א געפאר פון פאגראמ און דעריבער איז, א חוץ קולטורעלער ארבייט צווישען די ני אידישע מאסען, די בעסטע גאראנטיע פאר אנטיסעמיטי אויסברוכען — א גרויסע ערציהונגס-ארבייט אין די אידי מאסען גופא. מיר מוזען זעהן, אז דער אידישער פארמע זאל, אנשטאט צו ליגען אין די שויפענסטער און אויף די ב ליצעס פון די אידישע קראמען, אין צירונג אויף די הענט די אידישע אלרייטניקעס, אין ווערט-פאפירען אין די אייזע שראנקען, — פארוואנדעלט ווערען אין א שאפענדער ענער פון זיינע מוסקולען און נערוועז. דאס אידישע פאלק זאל או הערען צו זיין א פאלק פון באנקירען, קרעמער און פעדלער זאל ווערען א פאלק, וואס שאפט נוצליך-פראדוצירענדע ארבי. דאס איז די בעסטע גאראנטיע קעגען יעדען אנטיסעמיטיז און פאגראמען.

# דאס פערד און דער קעמעל

(פאבעל)

פון נחום י.

פון קעמעל האט אמאל א פערד געלאכט:
— „באטראכט,
צי קען מען נאך געפינען ערגעץ-וואו
אזא באשעפעניש, א העסליכע ווי דו!
דו האסט א פעל —
איז זי ניט טונקעל און ניט העל.
ביזט אומגעלומפערט הויך,
האסט דינע פיס און אויך
א מיאוס'ען און קורצען עק.
און טאמער איז נאך קארג,
פארמאגסט דו נאך דערצו א הויקער ווי א בארג,
און וואו? נאך אויפ'ן רעכטען מיטען רוקען.
איך זאג דיר, ס'איז א חרפה און א שרעק
אויף דיר צו קוקען!"

— „איך מיין" — געענטפערט האט דער קעמעל מיט
פארדראס, —
אז יעדער איז באשאפען לויט זיין מאס
און יעדער איז דעריבער שיין
פאר זיך אליין.
און גאר פארקערט:
מיין הויקער איז מיר טייער, ליבער פערד,
ווייל כ'ווער פון אים געשפייזט א לאנגע צייט
אין מדבר, ווען איך בין פון גראז און וואסער ווייט.
און ווען איך וואלט אויף זיך מיין הויקער ניט גע
טראגען,
און אויסזעהן שיין ווי דו, — מוז איך דיר זאגען,
אז איך וואלט, גאנץ געוויס,
דארט אויסגעצויגען באלד די פיס".

# וי האַלט עס איצט מיט דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל

ער האָט צעשפּאָלטען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און האָט איבערגעבויט די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

פון משה כץ

די ערשטע גרויסע פּאַרטיי, וואָס איז געשטעלט געוואָרען ויף דער פּראָבע איז געווען די אַמעריקאַנישע ס. פּ. די פּאַריי האָט נאָך אין יאָר 1919 אָנגענומען דורך אַ רעפערענדום באַשלוס אָנצושליסען זיך אָן דריטען אינטערנאַציאָנאַל. אָבער ויפ'ן מאַי־צוזאַמענפאָר פון פאָריגען יאָר האָט זי באַשלאָסען ון דערנאָך דורך אַ רעפערענדום (אמת מיט אַ זעהר קליינער ערהייט) באַשטעטיגט, אַז זי קאָן זיך אָנשליסען אָן דעם דריטען ינטערנאַציאָנאַל־בלויז מיט „רעזערוויישאָנס", דאָס הייסט אונער געוויסע תנאים, וואָס זאָלען איר לאָזען אַ פרייע האַנט אין ער היימישער פּאָליטיק. די מאָסקווער ביוראָ האָט אָט די אָדערונג פון דער פּאַרטיי ניט אָנגענומען, און די ס. פּ. איז ויף אַזאַ אופן געבליבען אַלס גאַנצע אויסער דעם דריטען אינערנאַציאָנאַל, און פּאַקטיש אויסער יעדער אינטערנאַציאָנאַלער ארבינדונג, ווייל פון צווייטען אינטערנאַציאָנאַל איז זי אויך רויסגעטראָטען און קיין פערטער איז נאָך ניט געגרינדעט געאָרען.

די צווייטע פּאַרטיי, וואָס האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל ון דער אַמעריקאַנער ס. פּ., איז געווען די עסטרייכישע סאָציאַל־עמאָקראַטישע פּאַרטיי. די עסטרייכישע פּאַרטיי האָט אויף יר צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אָנהייב נאָוועמבער 192, באַשלאָסען, אַז זי קאָן ניט דורכפירען קיין קאָמוניסטישע ראָגראַם און טאַקטיק ביי זיך אין לאַנד, און איז דעריבער אויך ארבליבען אויסער דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. די אונגאַישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך באַטייליגט אין ער גרינדונג פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל, איז פון אים רויסגעוואָרפען געוואָרען נאָכדעם ווי זי האָט געשלאָסען אַ לום מיט דער אונגאַרישער קאָנטר־רעוואָלוציע, ווען די דאָריגע סאָוויעט־רעגירונג איז געפאַלען. די דייטשע מערהייט־אָציאַל־דעמאָקראַטיע ווידער איז אַזוי אָפּט און שאַרף קריטירט געוואָרען אין דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַסטישער באַוועגונג, אַז זי האָט אַפילו קיינמאָל קיין פּראָבע ט געמאַכט אָנצושליסען זיך אָן דעם רעוואָלוציאָנערען, קאָמוסטישען דריטען אינטערנאַציאָנאַל.

אנדערש איז עס אָבער פאָרגעקומען מיט די איבעריגע סאָאַליסטישע פּאַרטייען. זיי האָבען זיך ס'רוב געשפּאָלטען ליב דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. דערביי איז די גרעסטע רהייט פון זיי אריבער אין די קאָמוניסטישע רייהען און די ארבליבענע אָדער אָפּגעשפּאַלטענע מינדערהייט האָט איינגעאַלטען דעם אַלטען סאָציאַליסטישען פּאַרטיי־נאָמען אינאיינעם ט דער מערהייט פון די אַלטע פּאַרטיי־פירער, און באַזונדערם ן די פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרטרעטער.

די ערשטע האָט געגעבען דעם ביישפּיל די דייטשע אומהענגיגע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט געזאָלט דינען ס קערן פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַ פערטען אינטערנאַאָנאַל. אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון ביוראָ פון דרין אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע האָט געשיקט אויף איר צוזאַמענר אין האַלע זינאָוויעוו'ן אַלס ספּעציעלען פאַרטרעטער, האָבען י דייטשע „אומאָפּהענגיגע" צושפּאָלטען. די גרעסטע רהייט איז אריין אין דער פריהער קליינער דייטשער קאָמוסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען איינע ן די גרעסטע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד. אַ קליינע מינדעריט אינאיינעם מיט אַזעלכע אַלטע פירער און טעאָרעטיקער לעדעבור, דיטמאַן, קריספּיען און הילפערדינג איז פאַרבליבען ים אַלטען נאָמען, אָבער אָהן שום צוזאַמענהאַנג מיט'ן דייען אַרבייטער־קלאַס.

אין די וועגען פון די דייטשע „אומאָפּהענגיגע" איז אַוועק יך די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. אויף איר לעצן צוזאַמענפאָר אין טור האָט זי מיט אַ גרויסער מערהייט באַאָסען צו ווערען, לויט איר נאָמען און פּראָגראַם, אַ קאָמוניסשע פּאַרטיי, און ביי דעם נאָמען פון דער אַלטער פּאַרטיי זיינען פאַרבליבען בלויז קליינע גרופּעס „רעכטע" און צענטריסטען, מיט לאָנגע בראָש, צו וועלכע ס'האָבען זיך אָנגעשלאָסען אויך די מערהייט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטען.

אין דער לעצטער גרויסער פּאַרטיי, וואָס האָט געדאַרפט אויף איר לעצטען צוזאַמענפאָר באַשליסען איר באַציהונג צום דריטען אינטערנאַציאָנאַל, אין דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז אויך פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. אייגענטליך איז דאָס געווען אַ ביסעל אומדערוואַרטעט. לויט דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר די לעצטע פּאָר יאָר האָט עס אויסגעוויזען, אַז זי וועט זיך סוף כל סוף אַלס גאַנצע פּאַרטיי אָנשליסען אָן דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. אויסגעלאָזען האָט זיך אָבער אַנדערש. די פּאַרטיי איז טאַקע צעשפּאָלטען געוואָרען, אָבער די גרעסטע מערהייט, — ווייניגסטענס פון די דעלעגאַטען אויפ'ן צוזאַמענפאָר אין ליוואָריא און פון די פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטען זיינען פאַרבליבען אין דער אַלטער פּאַרטיי. בלויז אַ דריטעל פון דער פּאַרטיי האָט זיך אָפּגעשפּאָלטען און געבילדעט די איטאַליענישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך, נאַטירליך, אָנגעשלאָסען אָן דריטען אינטערנאַציאָנאַל.

דעם ביישפּיל פון די גרויסע פּאַרטייען האָבען נאָכגעטאָן אויך די פּאַרטייען פון די קלענערע לענדער. אייניגע פריהער, אַנדערע שפּעטער. דערביי מוז מען באַמערקען אַן אינטערעסאַנטען פאַקט: אין די לענדער, וואו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען נאָך יונג און האָבען ניט קיין גרויסע טראַדיציעס, האָבען זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען לייכט פאַרוואַנדעלט אין קאָמוניסטישע און זיינען אָהן שום תנאים גאַנצערהייט צוגעשטאַנען צום דריטען אינטערנאַציאָנאַל. אַזוי איז געווען מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון רומעניע, יוגאָסלאַוויע, גריכענלאַנד, באָלגאַריע, אַרגענטינע, מעקסיקאָ און אַנדערע.

אין די לענדער ווידער, וואו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען עקזיסטירען שוין לאַנג און האָבען אַלטע איינגעוואָרצעלטע טראַדיציעס, איז דער פּראָצעס געווען פיל שווערערער. די שוועדישע, נאָרוועגישע און פינישע פּאַרטייען האָבען זיך נאָך פריהער געמוזט שפּאַלטען אויף רעכטע און לינקע, און די לינקע האָבען ערשט שפּעטער אָנגענומען אַ קאָמוניסטישע פּראָגראַם. די שווייצאַרישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ווערט אַלץ לינקער און לינקער, אָבער זי שפּאַלט זיך ניט און טרעט ניט אריין אין דריטען אינטערנאַציאָנאַל. די קליינע בריטישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קאָמוניסטישער, אָבער די שטאַרקערע אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטיי, וואָס האָט תחילת געהאַט גרויסע סימפּאַטיעס צום דריטען אינטערנאַציאָנאַל, איז פון אים איצט אפשר ווייטער ווי פאַראַיאָרען. דערפאַר האָבען זיך די יונגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די ענגלישע קאָלאָניעס כמעט אַלע אָנגעשלאָסען אָן דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל.

די לעצטע טעג זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז די בעלגישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס איז אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה געווען די פּאַטריאָטישסטע פון אַלע, האָט זיך ענדליך געשפּאָלטען און אַ טייל אירער האָט זיך דערקלערט פאַר קאָמוניסטיש און זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל. דער דאָזיגער טייל איז וואַרשיינליך דער קלענערער, אָבער צו אים געהערט דערפאַר דער וויכטיגסטער טייל פון דעם בעלגישען אינדוסטריעלען אַרבייטער־קלאַס. גלייכצייטיג מיט בעלגיע האָט זיך צעשפּאָלטען אויך די טשעכאָסלאָוואַקישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז ביז דער לעצטער צייט געווען די רעגירונג־פּאַרטיי. אַ דריטעל פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער פּאַרטיי האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ קאָמוניסטישער, און אַפילו די מערהייט פון דער סאָצ. פּאַרטיי, וואָס איז שוין צו ענג פאַרבונדען מיט דער רעגירונג און איז געבליבען געטריי דער

אַלטער פאַן און נאָמען, האַלטען זיך אויך ביי אַ נייעם שפּאַלטען. די סלאָוואקישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבען זיך אַלע צו־נויפגעגאָסען אין איין קאָמוניסטישען פאַרבאַנד.

אויף אַזאַ אופן קאָן מען זאָגען, אַז אַ דאַנק דער ווירקונג פון דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל און זיינע „21 פּונקטען" זיינען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער גאַנצער וועלט צעשפּאָלטען געוואָרען. די מערהייט אין פיל פּאַרטייען און שטאַרקע מינדערהייטען אין אַנדערע, האָבען זיך דערקלערט פאַר קאָמוניסטיש און זיינען געוואָרען אַ טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג מיט איר צענטער, דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע. די מינדערהייטען, וואָס זיינען פאַרבליבען ביי די אַלטע נעמען און פּראָגראַמען, זיינען ס'רוב צו שוואַך און צו פאַרשידענאַרטיג, אַז זיי זאָלען זיך אויך קאָנען פאַראייניגען אַרום איין צענטער, און דערפאַר רעדט מען צווישען זיי שוין ניט נאָר וועגען אַ צווייטען און אַ פערטען

אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אפילו וועגען אַ צוויי־מיט־אַ־האַלבּיגען, דאָס הייסט אַזאַ, וואָס זאָל שטעהן צווישען דעם צווייטען און דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל.

אין לעצטען סך הכל קומט אויס, אַז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פון איין זייט פיזיש אָפּגעשוואַכט די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דורך דעם, וואָס ער האָט זיי געצוואונגען צו צעשפּאַלטען די אַלטע אָרגאַניזאַציעס און אַוועקגעבען אַ מאַסע כחות אויף אָנהייבען בויען פון דאָס ניי. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט ער גייסטיג זעהר פאַרשטאַרקט און פּשוט אַריינגעבלאָזען אַ נייעם לעבען אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, דורך דעם וואָס ער האָט אויסגערייניגט און רעאָרגאַניזירט די היבש פאַרפּלאָנטערטע און דעזאָרגאַניזירטע רייהען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און האָט געשטעלט די גרעסטע טייל פון דער באַוועגונג אונטער איין צענטראַלער אָנפירונג מיט איין קלאָרען, רעוואָלוציאָנערען צוועק.

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאַן

.2

## עמנואל הרומי — דער „היינע פון מיטעלאַלטער"

שוין אין 13־טען יאָרהונדערט האָט זיך דורכגעצויגען אַ פרישער לעבענס־אָטעם דורך די פעלקער. אומעטום האָט אַדורכגעשטראָמט אַ נייע לעבען, וואָס האָט גערופען די פעלקער צו ווידערבאַלעבונג, אומעטום זיינען אויפגעקומען דיכטער, ראָמאַנצען־זינגער, טרובאַדורען און נאָוועליסטען, וואָס האָבען געשריבען און געזונגען אויף דער לאַנדסשפּראַך.

ווען מיר זאָלען אַ טראַכט טאָן וועגען דעם, אַז אין יענער תקופה איז דער איד געווען געהאַסט און גע'רודפ'ט ער חרמה, אַז מ'האָט געברענט און געבראָטען זיינע טריט און, אין בעסטען פאַל, האָט מען אים נישט מער ווי גערולדעט, וואָלט גאָר קיין חידוש נישט געווען, ווען מ'זאָל קיין אידען נישט געפינען צווישען די דיכטער פון יענער תקופה. ●ט אַזוי איז עס אָבער געווען.

דער איד האָט דעמאָלט געהאַט און אויך ליב געהאַט זיין פּנטערלאַנד, ער האָט עס טיף אין זיין האַרצען געטראָגען. אָט טאַקי דאָס איז דאָך די גייסטיגע באַוועגליכקייט, די נעמיטס־טיפקייט, וואָס איז דעם אידען געאייגענט, אַז באַלד שלאָגט ער טיף אַריין זיינע וואָרצלען דאָרט, וואו ער קאָן ווי עס איז זיין מידען קאָפּ אָפּשפּאַרען און ער נעמט אויף אַלץ, וואָס דער אָרט און די צייט ברענגען אַרויס.

ווייניגער וועט אונז איבעראַשען, ווען מיר וועלען געפינען אידען־דיכטער אין דעם דאַמאָלסדיגען אידען־פריינדליכען אַראַביען. אין 13־טען יאָרהונדערט זיינען געווען מערערע אידיש־אַראַבישע דיכטער. דער גרעסטער פון זיי איז געווען איבן־סאַהל, וואָס האָט באַזונגען די ליבע מיט אַ אידיש געמיט. איבן־סאַהל איז דערטרונקען געוואָרען. מיט דעם גייסטרייך וויציגען שפּיל, וואָס די אַראַבער האָבען אַזוי ליב, האָט אַ דיכטער פון יענער צייט געזאָגט וועגען איבן־סאַהלס טויט: די פּערל האָבען זיך צוריקגעקערט אין זייערע מושלען.

מיר ווערען אָבער שטאַרק איבעראַשט, ווען מיר געפינען אידישע דיכטער אין דעם דאַמאָלסדיגען אידען־העצערישען שפּאַניען. אין אָנהייב פון 14־טען יאָרהונדערט האָט אין שפּאַניען געלעבט ראַבי סאַנטאַ אָדער סאַנטאָב — אין העברייאיש שם־טוב — אַ דיכטער, וואָס איז געווען גאַנץ אָנגענומען אין הויף פון דעם דאַמאָלסדיגען שטרענגען קעניג דאָן פּעדראָ. ראַבי סאַנטאַ איז געווען גאַנץ באַדייטענד אין דער שפּאַנישער ליטעראַטור. ער האָט דאָן פּעדראָ'ן געווידמעט מאַנכע פון זיינע שירים. אין דער ערשטער העלפט פון דעם 13־טען יאָרהונדערט האָט אין שפּאַניען געלעבט זיסקינד פאָן טרימבערג, אַ מינעזינגער, אַ טרובאַדור.*) אין איינעם פון זיינע לידער באַקלאָגט דער אָרימער אידישער טרובאַדור זיין ביטערן גורל: די האַרען יאָגען מיר פון זייערע הויפען, דעם אָרימען אידען ווילען זיי פאַר זיין קונסט גאָרנישט געבען; וואָס זאָל איך מיין ווייב און קינ[...] ברענגען? פון וואָס זאָל אַן אַלטער איד לעבען? זאָל פו[...] איצט אָן און ווייטער מיין הויף־געזאַנג קאַרג קלינגען. כ'ווע[...] מיין באָרד לאָזען וואַקסען, אַ לאַנגע קאַפּאָטע וועל איך טראָגען דעם הויכען הוט טיף אין קראַגען פאַרציען, און דעמוטיג זאָ[...] מיין געזאַנג קלינגען, דעז די האַרען יאָגען מיר פון זייערע הויפען.

פיל באַדייטענדער איז געווען די ראָלע פון אידען אין איטאַ[...]ליען און פּראָוואַנס, וואוהין זיי זיינען אַנגעלאָפען נאָכדעם ווי[...] מ'האָט זיי פאַרטריבען פון דרום־שפּאַניען, בעת די אַראַביש[...] פאַנאַטישע סעקטע „אַשאַריטען" האָט גענומען געוועלטיגען אי[...] דער מוסולמאַנישער וועלט. דאָרט האָט די דיכטונג דערגרייכ[...] איר העכסטע אַנטוויקלונג. צווישען די אידישע דיכטער פו[...] יענער צייט האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם אָרט קלונימו[...] בן קלונימוס, אַ מענש מיט ענטוויקעלטען געשמאַק, מיט רייכע[...] וויסען, וואָס האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט אַ דיכטערישע[...] טאַלאַנט. אין יאָר 1328 האָט ער פאַרפאַסט אַ סאַטירישען שי[...] „דער פּרובירשטיין". אין יענער תקופה זיינען געווען אין אי[...]טאַליען מערערע אידישע דיכטער און געלערנטע. דעם ערשטע[...] אָרט צווישען די אידישע דיכטער פון יענער צייט פאַרנעמ[...] עמנואל הרומי (עמנואל בן שלמה בן יקותיאל פון רוים).

עמנואל הרומי איז געווען אַ מענש מיט אַ זעלטענער [...] פעלגעשטאַלט. אַ גמרא למדן. אַ קלוגער דענקער, אַ פלייסיגע[...] געלערנטער און ביבעל־פאָרשער, האָט ער אָנגעהויבען פאַרפאַס[...] ביבעל־קאָמענטאַרען לויט דעם הערשענדען אופן פון דער סכאָ[...]לאַסטיש־פילאָזאָפישער שיטה פון יענער צייט. ער האָט גע[...]שריבען פּירושים אויף משלי, איוב, תהלים און די מגילות. ע[...] האָט אויך געשריבען איבער קבלה און האָט זיך אינטערעסיר[...] מיט מעדיצין. פּלוצלונג ברעכט דורך זיין סאַטירישער אָנבלי[...] און ער הייבט אָן שרייבען לוסטיגע שירים, וואָס זיינען ני[...] פריי פון פריוואָליטעט. מען רופט אים דער „היינע פון מיטע[...]לאַלטער". דאָס איז טיילווייז אמת. וויציג, סאַטיריש, אָבע[...] אָן היינעס עכטער דיכטערישער גלוט און געניאַלען שוואונ[...] אַ סך זאַכען, וואָס אין זיי האָט ער באַקעמפּט די שונאים פ[...] אידענטום, האָט ער געשריבען אונטער'ן פּסעוודאָנים „דאָמיניו[...] האַמאַן עפּיפּהאַנעס." קיינער פון די ניי־העברייאישע דיכט[...]

---

*) טרובאַדור אָדער מינעזינגער — אַ דיכטער אָדער זינגער אַ[...] מיטעלאַלטער, וואָס פלעגט באַזינגען די ליבע. די טרובאַדורישע פּאָעז[...] האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איר לײדענשאַפטליכען ליךישען כאַראַ[...]טער. די טרובאַדורען זיינען געווען עפּעס אַ מין בדחנים, וואָס פלעג[...] אַרומפאָרען איבער די פּריצישע הויפען און זינגען ליבעס־לידער.

און דענקער פאַר אים האָט פון דער העברייאישער שפּראַך נישט געקאָנט ארויסשלאָגען אזוי פיל פונקען פון שפּריצענדיגען וויץ, ווי ער.

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען, ווי אויפגעבראַכט עס זיינען אויף אים געוועזן די רבנים פון יענעם דור, בעת ער, דער מופלג, דער ביבעל־פאָרשער און ערנסטער דענקער, האָט מיט אמאָל גענומען שרייבען לוסטיגע לידער. וואו ער פאַרשפּאָט און פאַרלאַכט די מיאוס'ע פרויען און טרויט ניט די שיינע פרויען: „נאָר דאַן איז אַ פרוי פאַרלעסליך, ווי זי איז רעכט אַלט און העסליך.“ ער מאַכט זיך לוסטיג איבער די שרעקענדיגע, קליינמוטיגע נאַטורען און פאַרפאָלגט מיט שפּאָט די אָפּגענאַרטע פאַרהייראַטע מענער, — טעמען, וואָס פאַרען זיך גאַרנישט מיט לומדות.

עמנואל הרומי האָט געלעבט מיט דאַנטען אין איין צייט. ער איז געוועזן דאַנטעס אַ פריינד און האָט פאַרקערט אין דאַנטעס קרייז. עמנואל, אזוי ווי דאַנטע, האָט פאַרפאַסט אַ פאָעמע — „גיהנום און גן־עדן“. עמנואל האָט אָנגעהויבען שרייבען זיין פאָעמע מיט דרייסיג יאָר שפּעטער, ווי דאַנטע האָט געשריבען זיין „געטליכע קאָמעדיע“. דאַנטע האָט גענומען שרייבען זיין ווערק אינ'ם יאָר 1300, בעת ער איז שוין געוועזן אַ מענש פון אַריבער זעכציג. עס איז דאַרום קיין צווייפעל ניט, אַז עמנואל האָט אימיטירט דאַנטען, ניט דאַנטע אים. דאַנטע האָט דערשפּירט די טראַגעדיע פון מענשענס לעבען, בעת ער איז נאָך געוועזן אַ יונגער מענש פון אַ יאָר פינף און דרייסיג. עמנואל איז אין דער יוגענד ווייט געוועזן פון טראַגעדיעס, ער האָט דעמאָלט געשריבען שירים וועגען לוסט און ליבע. ערשט אויף דער עלטער, נאָכדעם ווי זיינער אַ יוגענט־פריינד איז געשטאָרבען, דערמאָנט ער זיך אָן טויט. דאַנטע הייבט אָן זיין ווערק: אויפ'ן האַלבען וועג פון דער ערדישער עקזיסטענץ האָב איך פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פינסטערן וואַלד אַרומגערינגעלט פון חיות (פון תאוות). עמנואל הייבט אָן זיין ווערק: נאָכדעם ווי עס זיינען אַריבער זעכציג יאָר פון מיין לעבען און די שלוחים פון טויט האָבען זיך געאיילט צו מיר.

עמנואל האָט ביי דאַנטען גענומען די טעמע און האָט אין מאַנכע ערטער אפילו זיך באַנוצט מיט דאַנטעס אויסדרוקען און בילדער. בכלל האָט ער אָבער די טעמע באַאַרבייט אויף אַן אייגענאַרטיגען אופן. דאַנטע, דער טיפגלויביגער קאַטאָליק, האָט ניט פאַרמאָגט קיין שום רעליגיעזע סבלנות. זיין גן־עדן איז נאָר פאַר גאָטספאָרכטיגע קריסטען. אפילו מיט זיין באַגלייטער ווירגיליוסען צעשיידט ער זיך ביים אַריינגאַנג אין ליכטיגען גן־עדן און ניט מחמת דעם, ווייל ווירגיליוס איז געוועזן אַ זינדיגער, נאָר בלויז דערפאַר, וואָס ער איז ניט געוועזן קיין קריסט. עמנואל, דער טיפגלויביגער איד, איז אַ סך מענשליכער, ער געפינט אין גן־עדן אַן אָרט אויך פאַר „די חסידי אומות העולם“, וואָס האָבען געשטרעבט אויפריכטיג צום אמת און צום גוטען. דאַנטע, וואָס זיין גאָט איז געוועזן דער גאָט פון לויטער ליבע און מחילה, האָט אונז אויפגעמאָלט אַ שרעקליכען גיהנום, זיין קאָמעדיע ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ טראַגעדיע. פון זיין שפּראַך שפּריצט שוועבעל און פעך, זיין גיהנום איז אימה'דיג. עמנואל, וואָס זיין גאָט איז געוועזן דער גאָט פון נקמה, האָט אונז פונדעסטוועגען אויפגעמאָלט אַ פיל מילדערן גיהנום. ער רעדט פשוט'ער, געלאַסענער און זיין „גיהנום און גן־עדן“ ווערט אָפט פאַרוואַנדעלט אין אַ קאָמעדיע. אפילו אין גיהנום בלייבט עמנואל דער וויצלינג, דער סאַטיר.

דאַנטע האָט אויסגעקליבען פאַר זיין פירער אין ביידע גיהנומ'ס דעם רוימישען דיכטער ווירגיליוס. עמנואל קלייבט אויס פאַר זיין פירער אין גיהנום און אין גן־עדן דניאל הנביא.

אָט הייבט זיך אָן זייער צוג. זיי געהען דורך פאַרשידענע ענגע, פאַרדרייטע און פינסטערע וועגען. עס הערען זיך דונערן און בליצען, קרעכצען און געשרייען פון די געפּייניגטע רשעים. עמנואל האַלט זיך פאַר'ן ברעג פון דניאל'ס מלבוש. אָט קומען זיי צו אַ צעבראָכענעם בריק, וואָס ליגט איבער'ן ביסטרען שטראָם, וואָס וויל אַיין פאַרשלינגען. ביים ראַנד פון בריק שטעהט אַ טויער און ביים טויער דרייט זיך אַ שאַרפער שווערד, וואָס זיין קלאַנג הילכט אָפּ. אַלע זינדיגע נשמות מוזען דורכגעהן דורכ'ן טויער פאַרביי דעם שאַרפען שווערד. דער וואָס קומט אַהין אַריין, קומט אַריין, נאָר אַרויסגעהן פון דאָרט געהט קיינער נישט.

אַריבער דעם בריק — און אַריין אין סאַמע גיהנום. דאָרט האָט עמנואל דערזעהן אַ גרויס פייער, וואָס ברענט, ווי אַ טייך פון שוועבעל, וואו עס פּרעגלען זיך די זינדיגע נשמות. ביי יעדען זינדיגען איז דער נאָמען אויסגעקריצט אויפ'ן שטערען. עמנואל רעכענט אויס אַ גאַנצען רייסטער פון ביבלישע נעמען, וואָס זיינען באַקאַנטע בעלי עבירות, וועלכע ער האָט דערקענט אין גיהנום. אין רייסטער זיינען אויך דאָ די נעמען פון פּלאַטאָ, אריסטאָטעל, היפּאָקריטוס און אַנדערע פילאָזאָפען און געלערנטע, ווייל זיי האָבען זיך גרויס געהאַלטען מיט זייער וויסענשאַפט און האָבען פאַרלוירען דעם אמת'ן וועג. אויך דאַנטע האָט פאַר זיי קיין אַנדער אָרט נישט געפונען, ווי אין גיהנום.

עמנואל זעהט אין גיהנום הארטהארציגע מענשען, וואָס האָבען עשירות און ווילען ניט העלפען דעם אָרימאַן, פאַרנעמען ניט די געשרייען פון אַלמנות און יתומים; ער זעהט דאָרטען פאַנאַטיקער, וואָס ווילען ניט וויסען פון חכמה און פילאָזאָפיע; ער זעהט דאָרט צבוע'קעס, וואָס שפּילען די ראָלע פון פרומע לייט און טוען אָפּ בשתיקה אַלץ, וואָס מען טאָר נישט; פיינע בעלי־בתים, וואָס קומען אין בית־מדרש נאָר שבת און יום־טוב, כדי מען זאָל זיי אָפּגעבען כבוד; רבנים און לומדים, וואָס לערנען די תורה, כדי צו קאָנען געוועלטיגען איבער אַנדערע מענשען, וואָס האָבען זיך גענומען דאָס לעבען.

זיין „גיהנום“ איז אַ שאַרפע סאַטירע אויף דעם דאַמאָלסדיגען אידישען לעבען אין איטאַליען.

אין עמנואל'ס „גיהנום“ ווערט דער צבוע'ק, דער היפּאָקריט, שרעקליך באַשטראָפט. עמנואל באַשרייבט זיין שטראָף אזוי: אַן אַלטער מאַן, וואָס זעהט אויס גרויס. אויף זיין קאָפּ אַ קרוין פון דערנער, אונטער זיין נאָז ליגט קרייטעכער, „קטורת“, פון מענשליכער צואה און אַ בייזע שלאַנג האַלט זיין „ערלה“. מען שמייסט אים מיט ריטער און דערנער, מען וואַרפט אים אַרונטער פון אַ הויכען טורעם און ער ווערט צעשמעטערט אויף אַ פעלז. אָט ברענט מען אים אין פייער און אָט צערייסען אים וועלף, אָט שיסט מען אים מיט קופערנע פיילען, און אָט ווערט ער פאַרשלעפּט פון טייכען שוועבעל און פעך.

אָט דאָס איז די שטראָף פאַר צבוע'קעס, וואָס שפּילען די ראָלע פון פרומע און טוען אָפּ בשיקה אַלץ, וואָס מען טאָר ניט.

עמנואל שאַנעוועט אויך ניט מאַנכע פון זיינע צייטמענשען. געהענדיג אין גיהנום, האָט ער דאָרט דערקאָנט זיינעם אַ באַקאַנטען. געוועזן איז ער אַ חשוב'ער מענש און גאַנץ רייך. איצט פּלאַקערט ער אין גיהנום. עמנואל, אַ פאַרוואונדערטער, האָט אים געפרעגט: ווי קומסטו אַהער, דו, וואָס ביזט געוועזן דער בחיר פון דיין דור? און יענער האָט אים גענומען דערציילען: איך האָב אַלץ געזאַמעלט גיטער און עשירות, איך האָב אויסגעבויט אַ גרויסאַרטיגען פּאַלאַץ, איך האָב פאַרפּלאַנצט גערטנער און ווייגערטנער. מיינע צימערן זיינען געוועזן באַצירט מיט גאָלד און זילבער. איצט וואוינט אין זיין אַן אַנדערער. איך האָב געלעבט גליקליך, איך האָב נאָר פון שמחות געוואוסט, איך האָב געגעסען און געטרונקען פון בעסטען, האָב פאַרגעסען די תורה און מצוות, נישט געהאָלפען דעם אָרימען, ניט געשטיצט די אַלמנות, נישט פאַרנומען דעם געשריי פון יתום . . . איצט ליג איך דאָ און בראָט זיך. מיט צוויי יאָר צוריק זיינען דאָ צו מיר צוויי מענשען אַריינגעקומען און האָבען מיר ווי אויף אָדלער־פליגלען אוועקגעטראָגען אין אנקאָנא. אין מיין פּאַלאַץ. געמיינט האָב איך, אַז דערמיט האָבען זיך שוין מיינע יסורים געענדיגט. איך האָב זיך דערפרייט. אָבער אומזיסט. מיינע צרות האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען: זיי האָבען מיר אַריינגעפירט אין באָדע־צימער, וואָס איך האָב אַליין אויסגעבויט. דאָרט האָב איך דערזעהן, ווי מיין ווייב וואַרפט פון זיך אַראָפּ אירע טייערע קליידער, כדי איר קערפּער צו וואַשען, און איר נייער מאַן איז געשטאַנען דערביי . . . וואָס איך בין דעמאָלט אויסגעשטאַנען קאָן קיין מויל נישט דערציילען און קיין אויער קאָן נישט פאַרנעמען. טרערען האָבען פון מיינע אויגען זיך געגאָסען. דו ווייסט, דאָס איז נאָך גאַרנישט, — האָבען די צוויי פאַרשוינען מיט צאָרן אויסגעשריען און מיט גוואַלד האָבען זיי מיר אין שלאָפצימער אַריינגעשלעפּט. דאָרט האָב איך דערזעהן אַ רייך צוגעקליבענע בעט און אין איר איז מיין ווייב געלעגען מיט איר נייעם מאַן. זי איז געוועזן גוט אָפּגעגעסען, זאַט און צופרידען, די לינקע האַנט האָט זי אונטער'ן קאָפּ געהאַלטען, און ער מיט זיין רעכטער האַנט האָט זי געהאַלזט. און אַ קול האָט אויסגערופען: די פרוי האָסטו פאַר'קנס'ט, און אַן אַנדערער וועט מיט איר לעבען.

דאָס איז די שטראָף פאַר דעם הארטהארציגען, וואָס וויל ניט פון זיינע עשירות העלפען די אָרימע. זיינע עשירות פאַלען אַריין ביי פרעמדע, נאָך ערגער, ביי זיין ווייבס געליבטען . . .

וויניגער אינטערעסאנט איז עמנואל'ס „גן־עדן". אין גיהנום געפינט עמנואל די פארשוינען, פון וועלכע ער קאן אפלאכען, דער גיהנום איז דערום א פאסענדיגער אביעקט פאר זיין סאטירישען טאלאנט. אבער אין „גן־עדן" זיינען דאך דא לויטער פיינע מענשען, וואס פון זיי קאן מען נישט אפלאכען, און דא מוז זיין מוזע שווייגען.

אין גן־עדן זעהט עמנואל צען חופות געשטריקט פון תכלת און פורפור־וואל, וואס זיינען אונטערגעשלאגען מיט ריינעם גאלד און באהאנגען מיט טייערע איידעל־שטיינער. און צען הויכע שטולען זיינען דארט געשטאנען באצירט מיט ריינעם גאלד. און דערביי זיינען צעהן קרוינען געלעגען, וואס האבען אזוי געשיינט, אז די זון האט זיך פאר זיי געדארפט שעמען. און ווען ער האט געפרעגט, צו וועמען עס באלאנגען די חופות. די שטולען און די קרוינען? — האט דניאל געענטפערט: דא זיצען די צען מארטירער פון דער מלוכה. און בעת ער האט געפרעגט, וואו זיינען זיי, איך וואלט זיי וועלען אנזעהן, — האט דניאל געענטפערט: זיי זיינען אוועקגעגאנגען מיט מיכאל דעם מלאך, זיי פאלען כורעים און זיינען מתפלל פאר'ן רבונו של עולם, אז ער זאל דערזעהן דעם צער פון דעם ביסעלע אידען, וואס זיינען געבליבען, און ער זאל זיי שיקען דעם גואל. ווארום זיי האבען געזעהן די פיין פון דעם פאלק ישראל און זיי שווייגען ניט ביז וואנען גאטס חסד וועט זיך ניט באווייזען, כדי צו דערנענטערן די גאולה, אויפצובויען ירושלים, אז זי זאל ווערען געלויבט צווישען פעלקער.

עמנואל הרומי, נישט אכטענדיג אויף דעם, וואס ער איז געוועזן א טיפגלויביגער איד, א גמרא למדן, איז אין אים אויך געוועזן א סך איטאליענישעס. עס קאן זיין, אז דערפאר איז ער געוועזן אזוי אנגענומען אין דאנטעס קרייז. עמנואל איז געשטאנען אין גאנץ אינטימע באציהונגען מיט דאנטעס מיטקעמפער באזאנע, א רעכטסגעלערנטער און געלערנטער בכלל און דער ערשטער ראמאנשריפטשטעלער פון איטאליען, אויך מיט דעם בארימטען שריפטשטעלער אין פערזען און פראזע, צינא, וועלכער האט דאנטען פארערט אלס דיכטער, ער האט אבער ניט געטיילט זיינע פאליטישע קירכליכע אנשויאונגען און האט דארום געהאלטען, אז דאנטעס ארט איז אין גיהנום.

אין דעמזעלביגען יאר, וואס דאנטע איז געשטארבען, איז ביי עמנואל'ן געשטארבען דאס ווייב, און באזאנע שרייבט אין א טרייסט־בריף אין פערזען, וואו ער זאגט צווישען אנדערעס: מעגסט וויינען, איד מאנאעלא, צוערשט אויף דיין צער און דא[ן] אויף יענעם צער, וואס האט ארומגענומען די וועלט. אז[...] שלעכטער יאר איז נאך ניט געווען, מיר שטארקט אבער דע[ר] טרייסט, אז דאנטעס גאט וועט געבען א הערליכען ארט.

עמנואל ענטפערט אים אין פערזען: איד און קריסט מע[...] וויינען אויפ'ן גרויסען פארלוסט, פון טיפסטען הארצען באוויי[נ] איך דאס.

און בעת עמנואל איז געשטארבען האט צינא געשריבען צ[ו] באזאנען, ווי א הארטער פאנאטיקער: „באזאנע, אייער מא[נ]אעלא איז געשטארבען, אבער אזוי ווי ער איז געבליבען אי[ן] טעות פון זיין אמונה, איז ער אריין אין גיהנום, וואו ער לייד[ט] די יסורים, וואס זיינען באשטימט פאר דעם, וואס בעסערט זי[ך] ניט. ער שטעהט ביי דאנטען."

דערויף ענטפערט אים באזאנע, אז אזעלכע מענשען ווי דאנטע און מאנאעלא געהערען ניט אין יענעם רייך, וואו ע[ר] האט זיי אריינגעזעצט.

אזוי איז עמנואל הרומי געוועזן היימיש אין דאנטעס קריי[ז]. פונדעסטוועגען האט מען אים אויף איטליכען טריט געגעבען צ[ו] פילען, אז ער איז א איד. ווען נאר זיינע קריסטליכע פריינ[ד] דערמאנען זיין נאמען, זיינען זיי מוסיף דאס ווארט איד: — דער איד מאנאעלא . . . א איד! דאס איז דער טרויער, וואו[ס] האט דעם אידען פון מיטעלאלטער אזוי טיף ארונטערגעבויגע[ן]. אונטער דער קריסטליכער פריינדשאפט איז געוועזן פארבארג[ען] א רעליגיעזע שנאה, וואס פלעגט ביי יעדער געלעגענהייט ארויס[־]שלאגען אויפ'ן אויבערפלאך.

# דאס לינטש־געזעץ

פון דר. א. חפץ

ניטא א וואך, דאס די אמעריקאנער צייטונגען זאלען ניט ברענגען איניגע ידיעות פון דער סאוט, אדער וועסט, וועגען לינטשען אין דער אדער יענער פארם, געוויינטליך אין פארם פון פארברענען; שווארצע, וואס האבען געהאט דאס אומגליק צו קומען אין קאנפליקט מיט דעם קרימינעלען געזעץ פון לאנד. די לעצטע פאסירונג איז גאר א שוידערהאפטע. דאס איז די לינטשינג פון נעגער הענרי לאורי אין סטייט ארקאנזאס.

עס איז קיין סוד, דאס עס גיבט געגענדען אין דער סאוט, אין וועלכע עס עקזיסטירט פאקטישע קנעכטשאפט ביז'ן היינטיגען טאג; יא, יורידיש זיינען די נעגער פריי און גלייכבארעכטיגט. דער דרייצענטער אמענדמענט צו דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע, לויט וועלכען דער מענשליכער גוף, צי ווייס, צי שווארץ, איז אינגאנצען פריי און קאן ניט דינען אלס א משכון פאר א חוב, איז אויך דארט אין קראפט; אבער דאס געזעץ פון פלאנטאטאר איז שטארקער, איידער די נארמען פון דער קאנסטיטוציע.

אזא ארט איז דער מיסיסיפי מאל, פון מעמפיס ביז צו דער דעלטא פון טייך. דארט געפינען זיך די סטייטס ארקאנזאס. לואיזיאנא, מיסיסיפי, וועסט טענעסי און איסט טעקסאס. דא איז דער נעגער א שקלאף; און פארשקלאפט איז ער, ניט לויט דעם געזעץ, נאר לויט זיין ארבייטס־קאנטראקט מיט'ן פלאנטאטאר. מען בארגט דעם נעגער ניט קיין גרויסע סומע געלט אין פאראויס — און דער חוב בינדט די גאנצע נעגער־משפחה ווי מיט קייטען, ווייל פון דעם חוב קענען זיי זיך ניט באפרייען, עס ליגט אויף זיי ביז זייער קראנקהייט, ווען זיי ווערען ארויסגעווארפען אויפ'ן גאס. די מאדערנע סיסטעם פון שקלאפעריי איז פארטיילהאפטער פאר די שקלאפען־אייגענטימער איידער די פריערדיגע. מען דארף פאר'ן נעגער ניט צאל[ען] קיין גרויסע סומע געלט, ווי פריער — ער ארבייט אפ די סומ[ע] מיט זיין פראצע; מען דארף פאר אים ניט זארגען אין פא[ל] פון קראנקהייט, מען קען אים ארויסווארפען צו יעדער צי[יט] אויפ'ן גאס — דער נעגער איז דאך יורידיש „פריי". אבע[ר] דער נעגער האט איין אויסוועג — ער קאן זיך און זיין פאמילי[ע] לאזען אויסקויפען; אבער דאס הייסט אייגענטליך זיך פא[ר]שקלאפען ביי אן אנדער בעל־הבית.

אבער וואס איז, ווען דער נעגער וויל זיך ווענדען צו[ם] געזעץ — ווען ער דערקלערט, דאס זיין חוב קאן אים ניט פא[ר]שקלאפען, דאס פאר זיין חוב איז פאראנטווארטליך זיין אייגע[נ]טום, אבער ניט זיין קערפער, ווען ער ווייזט אן אויף דער קאנסטיטוציע פון די יונייטעד סטייטס? א, פאר אזא ווידע[ר]שפענסטיגען „געפארבטען דזשענטעלמאן" גיט עס פילע סקא[...]פיאנען אין געגענד, וואו די גאנצע מאכט, אדמיניסטראטיוו[ע] און געריכטליכע, געפינט זיך אין די הענט פון די מאגנאטע[ן] פלאנטאטארס. און אויב ער האט נאך די העזה זעלבסטשטע[נ]דיג ארויסצוטרעטען און געברויכען געוואלט אין אירגענד וועלכער פארם, צו פארטיידיגען זיין רעכט, דאן איז ווי צו אים: פאר אים עקזיסטירט אן אומפארמיידליכער, אלטער, דורך י[א]רען געהייליגטער געזעץ, לינטש־געזעץ.

אזא עקספיריענס האט לעצטענס געמאכט דער נעגער הע[נ]רי לאורי; און זעהר טרויעריג האט זיך עס פאר אים געענדיג[ט].

ווי עס גיט איבער „די ניישאן" פון 23־טען מערץ 1921 איז הענרי לאורי, א נעגער, געקומען מיט צוויי יאר צוריק א[ר]ביטען ביי א. קרייג, א פלאנטאטאר־מאגנאט אין מיסיסי[פי] קאונטי, ארקאנזאס. מיט אים זיינען אויך געקומען זיין ווי[יב]

און זעקס־יעריגע טאָכטער. ער איז געווען זעהר א טיכטיגער ארבייטער און ניט קיין טרינקער. אפילו די אָרטיגע צייטונגען, וועלכע געפינען זיך אונטער'ן פולען איינפלוס פון דריי מאַגנאַטען, האָבען געמוזט צוגעבען, דאָס ער איז געווען אַן ערליכער, גוט־ארבייטענדער און שטילער מענש. דער פלאַנטאַטאָר קריינג איז געווען דער אייגענטימער פון אַלץ ארום און האָט פאַרוואַלטעט מיט אַלץ; ער האָט אָנגעשטעלט דעם שול־לערער, און אָנגעוויזען וואָס די שוואַרצע צו לערנען; זיין איין זון איז געווען דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון פלאַנטאַציע, דער צווייטער זון זיינער, וועלכער איז געווען גוט באַקאַנט מיט זיין שלעכטער באַציהונג צו די שוואַרצע, איז אין דער זעלבער צייט געווען דער קלערק אין געריכט און פּאָסטמייסטער; מיט איין וואָרט, דער פלאַנטאַטאָר האָט געהערשט אומבאַגרעניצט איבער די קערפּער און נשמות פון זיינע קנעכט.

אָפּאַרבייטענדיג צוויי יאָר און זעהענדיג, אַז ער איז אריינגעפאַלען אין א פאַסטקע, איז לאָורי אַוועק צו זיין פריץ און האָט געבעטען אָפּרעכענונג; דאָס איז געווען קורץ פאַר קריסטמעס — און צו ניי־יאָר האָט דער שוואַרצער געדאַרפט אַוועקפאָרען אין אַן אַנדער ארבייטס־פּלאַץ. דאָס האָט זעהר גוט געוואוסט דער מאַגנאַט, ווייל די גאַנצע פּאָסט פלעגט געעפענט ווערען און קאָנטראָלירט ווערען פון זיין זון, דעם פּאָסטמאַסטער, אום צו וויסען אַלץ, וואָס די שוואַרצע האָבען פאַר א געשעפטען מיט דער אויסערדיגער וועלט. דער מאַגנאַט האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו רעגולירען די באַציהונגען צווישען אים און דעם שקלאַף. ער האָט איבערהויפּט פאַררעכענט פאַר חוצפּה דעם שוואַרצענס פאַרלאַנג. ווען א נעגער בעט אָפּרעכענונג איין מאָל אין צוויי יאָר, קאָן אַן אַנדערער בעטען א מאָל אין א חודש, א דריטער וועט פאַרלאַנגען מען זאָל אים צושטעלען קוויטונגען, א פערטער — פירונג פון א רעגעלער בוכהאַלטעריע — און דאָס באַדייט דער צוזאַמענברוך פון שקלאַפען־סיסטעם. דאָס אָבער טאָר אין קיין פאַל ניט צוגעלאָזען ווערען; דעם העזה'דיגען נעגער דאַרף מען אָנלערנען ווי זיך צו באַגעהן מיט א בעל־הבית. דער שוואַרצער האָט זיך געפונען אין א שרעקליכער לאַגע; אַוועקגעהן אָן א רעכענונג, הייסט דאָס זיין גאַנצע האָב און גוטס בלייבט ביי דעם פלאַנטאַטאָר; אויסער דעם קאָן ער האָבען צו אים אייביגע פּרעטענזיעס, און דריטענס, איז ער ניט זיכער מיט'ן לעבען ווען ער געהט אַוועק אָן דער ערלויבניש פון פריץ — און דאַרום איז ער געבליבען, וואַרטענדיג אויף א בעסערער געלעגענהייט, אָבוואָל דער מאַגנאַט האָט אים דערקלערט פעסט, צוריקשטויסענדיג אים, דאָס ער וועט מיט אים קיינע אָפּרעכענונגען ניט מאַכען.

ווען די קריינגס זיינען געזעסען ביי זייער קריסטמעס־מיטאָג איז אריין לאָורי, זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און האָט געבעטען, מען זאָל זיך מיט אים אָפּרעכענען, דאמיט ער זאָל קענען אָנהייבען ארבייטען אין אַן אַנדער אָרט. דער אַלטער קריינג האָט זיך אויפגעהויבען און מיט א שטרענגער שטים באַפוילען דעם נעגער אַוועקצוגעהן, און אום בעסער עס אים צו איבערציינגען, האָט ער אים דערלאַנגט מיט א שטאָק א שטאַרקען קלאַפּ. אַלע געסט זיינען אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער וואַראַנדע־טיר, אייניגע האָבען גענומען רעוואָלווערס אין די הענט; דער אָרעמער שקלאַף האָט געוואָלט אַנטלויפען, אָבער א קויל פון דעם פלאַנטאַטאָרס יונגסטען זונס ביקס האָט אים דעריאָגט און פאַרוואונדעט.

דער פאַרביטערטער און פאַרוואונדעטער פערציג־יעריגער נעגער קערט זיך אום, נעמט ארויס זיין רעוואָלווער און שיסט אין זיינע אָנפאַלער. אַלס רעזולטאַט איז דער אַלטער און זיינע א פאַרהייראַטע טאָכטער גע'הרג'עט און ביידע זין פאַרוואונדעט.

דער נעגער אַנטלויפט; זיינע פריינד און זייערע פרויען ווערען אַרעסטירט. דורך בריף, וואָס ער שרייבט, און וועלכע ...ס ווערען געעפענט, געלינגט צו דערוויסען, וואו ער האַלט זיך אויף. מען אַרעסטירט אים.

איז לאָורי א פאַרברעכער? וואָלט ער געווען א ווייסער, און ניט א שקלאַף, און דערצו נאָך א וואָלהאַבענ'ער רייכער, וואָלט די פראַגע געווען לייכט צו פאַרענטפערן... ניין, ער איז ניט קיין פאַרברעכער, און זיין טאַט איז ניט קיין פאַרברעכען; ער האָט זיך ניט אריינגעריסען אין א פרעמדע הויז; ער איז ניט דער אָנפאַלער; דער אָרעמער, שוואַרצער לאָורי האָט געגלויבט אין רעכט, און האָט געוואָלט פון מאַגנאַט קריגען דאָס, אויף וואָס ער האָט געהאַט פאָלקאָם רעכט, אָפּרעכענונג; ער האָט געוואָלט ווירקען אויף דער גוטער זייט פון דער מענשליכער נאַטור — אין טאָג פון דעם ערלייזערס געבורט, איז ער געגאַנגען צום פלאַנטאַטאָר, ער האָט זיך געשטעלט ביי דער טיר; ער האָט געבעטען; מען טרייבט אים ארויס, מען שלאָגט אים, ער אַנטלויפט; ער מאַכט ניט קיין געברויך פון זיין רעוואָלווער ביז מען פאַלט אויף אים ניט אָן. דער ווילדער זון פון פלאַנטאַטאָר שיסט אין אים, אין דעם אַוועקלויפענדען שוואַרצען שקלאַף. דער לעצטער איז פאַרוואונדעט; ער קאָן ערוואַרטען א צווייטע קויל פון מערדער, ער מוז זיך פאַרטיידיגען — און ער טוט עס! ער מאַכט א געברויך פון זיין רעוואָלווער, וועלכען ער האָט מיט זיך גענומען אויף דעם פאַל זיך צו פאַרטיידיגען; ער שיסט — ער צילט זיך ניט, ער קאָן זיך ניט צילען, זייענדיג פאַרוואונדעט; אומגליקליכערווייזע, זיינען פאַרוואונדעט אייניגע מענשען — אָבער דאָס ענדערט גאָרנישט אין דעם פאַקט, דאָס ער האָט געווירקט אין צושטאַנד פון „נויטווענדיגען זעלבסטשוץ", וועלכע עס ווערט אָנערקענט פון מאָדערנעם שטראָפרעכט און שטראָף־קאָדעקסען פון אַלע ציוויליזירטע לענדער. זיין לעבען האָט געדראָהט א ווירקליכע, אַן ערנסטע געפאַר; און פאַר'ן אַבסטראַקטען געזעץ זיינען אַלע מענשען גלייך — אָרעם און רייך; ווייס און שוואַרץ.

לויט דער שיינער אַלטער לעגענדע, איז די געטין פון יוסטיץ־גערעכטיגקייט, פעמידע, ניט קיין זעהענדיגע; זי שטעהט אויף איר פּעדעסטאַל מיט פאַרבונדענע אויגען און מיט א וואָג אין האַנט, אירע אויגען זעהען ניט, ווער זיינען די פאַרברעכער: אין פורפור, אָדער לומפּען אָנגעטאָן, יונג און שיין, אָדער אַלט און מיאוס; ניט זעהענדיגערהייט מעסט זי אָפּ יעדען נאָך זיינע מעשים; יעדען נאָך זיין טאַט און פאַרברעכען. מיר ווייסען אָבער דאָס די לעגענדע, ווי אַלע לעגענדעס, זיינען דאָך נאָר געשריבען פאַר קינדער און סטודענטען; דאָס פּראַקטישע לעבען אין אונזער געזעלשאַפט פירט אריין קאָרעקטיווען, אומענדערונגען, אָבער ליידער ניט קיין אויסבעסערונגען, אין די לעגענדעס. מענשען האָבען שוין לאַנג צוריק פאַרגעוואַלדיגט די יוסטיץ־געטין, אראָפּגעריסען פון אירע אויגען דאָס טוך, און זי שטעהט א זעהענדיגע און חוצפּה'דיגע, און בייזע צינגער זאָגען, דאָס איר געוויכט אין האַנט ווייזט אויך פאַלש... קלאַסען־יוסטיץ הערשט, די מאַכטהאָבער האָבען אין אַלע צייטען געהאַט איין געזעץ און איין געריכט פאַר זיך און איינס פאַר דעם פאָלק. אין מיטעלאַלטער איז עס געווען א שריפטליכער געזעץ; פאַר פילע פאַרברעכענס האָט א פויער באַצאָלט מיט'ן קאָפּ, און דער גוטבאַזיצער נאָר מיט א גליינעם געלט־שטראָף. דער 19־טער יאָרהונדערט מיט זיינע איבערקערענישען, אָנגעהויבען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט געבראַכט מיט זיך דעם לאָזונג „גלייכקייט פון אַלעמען פאַר'ן געזעץ"; דער מאָדערנער, קולטורעלער געזעץ, ווייס ניט פון טיילען מענשען אויף קאַטעגאָריעס, אויף קלאַסען און ראַסען — פאַר אים, דעם דעמאָקראַטישען געזעץ, עקזיסטירט נאָר דער אַבסטראַקטער מענש; ווער ער זאָל ניט זיין, פאַר איין און דעמזעלבען פאַרברעכען באַקומט ער איין די זעלבע שטראָף; אויסערדעם גיבט עס ניט צווייערליי געריכטען: איינס פאַר אַדעליגע און גייסטליכע און אַנדערע פאַר'ן פאָלק — איין געריכט פאַר אַלעמען און דאָס פאָלק אַליין דורך זיינע פאַרטרעטער באַשטימט די פראַגע וועגען שולד.

ליידער, פאַרשטעהט די קלאַסען־געזעלשאַפט, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, צו ברעכען דעם אַבסטראַקטען געזעץ; און פּראַקטיש און פאַקטיש האָבען מיר פאַרשידענע שטראָפען פאַר איין און דאָסזעלבע פאַרברעכען. און דאָרטען, וואו די קלאַסען־געזעצען זיינען זעהר שטאַרק, ווערט געשאַפען אויך אַן אַנדער געריכט, דאָס לינטש־געריכט. מיר וועלען זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף דער געשיכטע פון לינטש־געזעץ, ווי אויך אויף דעם ווער עס איז געווען לינטש — א לעגענדאַרישער פרידענסריכטער, אָדער א פאָרזיצענדער פון א פאַרמער־געריכט, וועלכע האָבען באַשלאָסען מיט אייגענע קרעפטען צו באַקעמפען די פאַרברעכער דאָרטען, וואו די געזעצליכע פאַרטרעטער זיינען געווען פּאַסיוו, אָדער אומפעהיג. די עוואָלוציע פון לינטש־געזעץ האָט געפירט דערצו, דאָס דער המון נעמט יעצט אין זיינע הענט די ריכטער־פונקציאָנען, וואו אים שיינט, דאָס דער נאָרמאַלער געזעצליכער שטראָף איז צו ווייך, אָדער צו לאַנגזאַם. דער המון, אָדער ריכטיגער געזאָגט, די פירער פון המון טרעטען ארויס דאָרטען, וואו עס שיינט זיי א געפאַר די קלאַסענהערשאַפט פון דער אָדער יענער גרופּע; זעהר אָפט ווערט דער דאָזיגער מיטעל געברויכט, ווען צו דער קלאַסען־דיפערענץ קומט צו אויך א

ראַסען־אונטערשיד, ווי מיר האָבען עס אין פאַל פון שוואַרצע אין סאַוט פון די יונייטעד סטייטס. ביידע עלעמענטען, וועלכע עס טראָגט געוויינטליך די טראַדיציאָנעלע שטראָף, באַצאָלען דעם פאַרברעכער מדה כנגד מדה און טוען עס אין אזא פאָרם, אז עס זאָל אָפּשרעקען אנדערע זיי זאָלען אזוי ניט האַנדלען, מורעטען בולט ארויס אין לינטש־שטראָף; ניטאָ קיין פאַרהער, ניטאָ די פּראָצעס־גאַראַנטיעס, וועלכע עס האָבען זיך אויסגעאַרבייט אין משך פון יאָרהונדערטע און וועלכע עס האָבען זייער ציל צו פאַרהיטען, אז א אומשולדיגער זאָל ניט פאַראורטיילט ווערען, ניטאָ קיין פּראָקוראָר און אדוואָקאַט, ניטאָ קיינע געשוואָרענע, ניטאָ קיין ריכטער; דער המון איז אליין — פון ריכטער ביז צום הענקער. די פירער פון דער מאַסע איז דאָך קיין אונטערשיד ניט, אויב עס וועט ליידען אַן אומשולדיגער אָדער ניט, מען דאַרף געבען א ביישפּיל אלעמען, וואָס הייסט אָנרירען די הייליגע געזעצען וועגען קלאַסען־פּריווילעגיען, און א ביישפּיל גיט מען ווי געהעריג.

און וואָס טוט די לעגאַלע מאכט, וועלכע מוז באשיצען יעדען גלייכבאַרעכטיגטען בירגער, פון ראָקעפעלערן ביז צום לעצטען נעגער; און יעדער בירגער רעכענט זיך לויט דער קאָנסטיטוציע אומשולדיג, ביז ער איז ניט פאַראורטיילט פון א געזעצליכען געריכט? וואָס טוט זי אום צו דערפילען אָט דעם וויכטיגסטען פליכט איהרען, וועלכער איז דער הויפּט־מאָטיוו פאַר דער עקזיסטענץ פון יעדער אדמיניסטראַטיווער מאכט? די געזעצליכע מאכט טוט גאָר ניט, זי איז פּאַסיוו, און איר פּאַסיוויטעט, דאָרטען וואו זי מוז, וואו זי איז פאַרפליכטעט צו זיין אקטיוו — ווייזט, דאָס זי אנערקענט לינטש־געריכט, דאָס זי שטערט אים ניט און וויל אים ניט שטערען, ווייל זי פאַרטיידיגט דאָסזעלבע פּריווילעגירטע מינאָריטעט און דיזעלבע פּריווילעגיען, ווי לינטש־געריכט. און דאָס לעגאַלע געזעץ, וועלכעס מוז לויט דער קאָנסטיטוציע פאַרטיידיגען אלע אומשולדיגע. און מוז באַשטראָפען אלע פאַרברעכער, וואָס טוט דאָס געריכט, באַשטראָפט ער די פירער און אָנטיילנעמער פון לינטש־געריכט, וועלכע זיינען אין די אויגען פון „לעגאַלען געזעץ" ניט מער און ניט ווייניגער ווי איינפאַכע מערדער, ווייל זיי האָט קיינער ניט אַנ־פאַרטרויט די פונקציאָנען פון געריכט, זיי האָט קיינער ניט אַנ־פאַרטרויט דאָס אויספירען פון א געריכטליכען ווערדיקט . . . זעלטען, זעהר זעלטען הערט מען וועגען אזעלכע פאַרפאָלגונגען אין דער צייט, וואָס די פירער און אָנטיילנעמער פון לינטש־געריכט זיינען אלעמען גוט באַקאַנט. אין אלגעמיין קאָן מען זאָגען, דאָס דאָרטען, וואו די לעגאַלע מאכט וויל ניט, וועט קיין לינטש־געריכט ניט פאָרקומען.

די פירער פון המון גאַראַנטירען אים אונשטראָפבאַרקייט; אלע אָנטיילנעמער פון דעם זיינען זיכער, אז מיט זיי וועט גאָר נישט פּאַסירען, אז קיין האָר פון זייער קאָפּ וועט ניט געקרימט ווערען; פילען זיי, אז עס איז דאָ א מעגליכקייט פון א ווידער־שטאַנד, דאַן . . . דאַן לאָזען זיי איבער די געריכטליכע פונקציעס דעם לעגאַלען געריכט. דאָס האָבען מיר געזעהן נאָך די טעג אין ניו־דזשוירזי, וואו עס איז פאָרגעקומען ווירקליך א שוידערהאַפטער און עקעלהאַפטער פאַרברעכען: א לוסט און רויב מאָרד אין איין און דערזעלבער צייט איז דורכגעפירט דורך א דעגענעראַטיווען שכור'ן נעגער; דער אָפּער פון פאַרברעכען איז א יונגע שיינע פרוי, אַן ארטיסטין. מען האָט גערעדט פון לינטשען — אָבער גלייך ווי עס האָט זיך געפילט, דאָס דער גאָ־ווערנאָר וועט דאָס ניט צולאָזען, האָבען דער שעריף מיט זיינע באַאמטע אריבערגעפירט דעם פאַרברעכער אין א זיכערען פּרי־זאָן — און די לעגאַלע גערעכטיגקייט וועט האָבען די מעג־ליכקייט צו טריאומפירען איבער איר זיג. דאָרטען, וואו עס איז ניטאָ, טרעט ארויס אויפ'ן סצענע לינטש־געריכט.

מען דאַרף זיך ניט פאָרשטעלען, אז לינטש־געריכט קומט פאָר פלוצלונג — ווי מען שטעלט עס נאאיוו פאָר, אז דאָס פאָלק איז עמפּערט פון א שרעקליכען פאַרברעכען, האָט ניט קיין געדולד צו וואַרטען; דאָס עמפּערטע פאָלקס־געוויסען האָט ניט קיין אויסגאַנג, און זי רייניגט אָפּ איר געוויסען אין פאַר־ברעכערס בלוט . . . ניין, ניט אזוי קומט עס פאָר . . . עס איז אָרגאַניזירט; עס זיינען דאָ פירער און געפירטע; עס זיינען דאָ איינגעטיילטע ראָלען, פון וועלכע מען ווייס, אלע וויסען, פון וועלכע מען שרייבט אין צייטונגען, דאמיט אלע זאָלען וויסען דעם אָרט און די צייט פון שטראָף — און די איי־דעלע ליידיס און דזשענטעלמען זאָלען קענען אנטייל נעמען אין דעם פאַרגעניגען.

און פונקט אזוי איז עס פאָרגעקומען אין פאַל לאָורי. דער גאָווערנאָר האָט דערקלערט, דאָס לאָורי וועט האָבען א לעגאַלע געריכט און האָט געשיקט שעריפס, וועלכע האָבען אים געדאַרפט ברענגען פון טעקסאס. די שעריפס פירען אים ניט מיט דעם גלייכען וועג, זיי מאכען אן אומוועג פון איינינע הונדערט מייל אום צו ברענגען לאָורי נאָך מיסיסיפּי קאונטי, וואו א המון איז שוין געווען אָרגאַניזירט אים צו דערוואַרטען. עס קומען פאָר רעגעלע פאָרבאַרייטונגען; פון דריי סטייטס אַרום קלייבט זיך צונויף דער המון; די פירער און אָרגאַניזאַטאָרען פון דער לינטשונג דערוואַרטען און קריגען טעלעגראַמעס ווען און וואו זיי זאָלען דערוואַרטען דעם צוג מיט דעם אומגליקליכען לאָורי. מען מאכט אלע פאָרבאַרייטונגען, ווי צו א פאָלקס־יום־טוב. מען אַנאָנסירט אין די צייטונגען, דאָס די פאַרברענונג וועט פאָר־קומען אום 6 א זייגער, און מען גיט אָן דעם אָרט פון לינטשונג. די מעמפיסער צייטונג שיקט איר קאָרעספּאָנדענט דאָרטען אהין ווי צו יעדען פאַראַד. און וואו איז די לעגאַלע מאכט? זי איז ניטאָ. דער שעריף גיט אָפענהערציג צו די אורזאַך פון זיין פּאַסיוויטעט: „יעדער מאַן, פרוי און קינד, נאַטירליך ווייסע, פון דער קאונטי האָבען פאַרלאַנגט, דאָס די לינטשונג זאָל פאָר־קומען."

די לינטשונג איז פאָרגעקומען אין א זעלטען אכזריות'דיגער פאָרם: מער ווי א שטונדע האָט מען געברענט דעם אומגלי־ליכען נעגער; אויף א לאַנגזאַמען פייער האָט מען אים פאַר־ברענט די פיס און א טייל פון בויך; דער אומגליקליכער מאַר־טירער האָט זיך געוואָלט דערשטיקען אין רויך, האָט מען אים ניט צוגעלאָזען דערצו; צולעצט, ווען זיינע קרעפטען זיינען געווען אויס, האָט מען אים באַגאָסען מיט גאַזאָלין, און דורך דעם שטאַרקען פלאַם האָט מען געמאַכט אַן ענד צום לעבען פון דעם אומגליקליכען. ער האָט זיך געהאַלטען זעהר סטאָיש און האָט ניט ארויסגעלאָזען קיין וואָרט. אום צו פאַרשטאַרקען זיינע ליידען, האָבען די אָרגאַניזאַטאָרען פון לינטשונג געבראַכט אהין דעם אומגליקליכענס פרוי און קינד, וועלכע דער מאַרטירער האָט דערמונטערט.

דאָס איז געווען דער טריאומף פון די פּלאַנטאַטאָרס. אזוי האָבען זיי פאַרפעסטיגט זייער הערשאַפט איבער די שוואַר־צע שקלאַפען.

# די שבועה

פון א. עסעלין

וואַרט, איך וועל קומען צוריק,
צוריק אויף דעם זעלביגען אָרט,
א טראָציגער, בייזער ווי דו —
קאָן זיין מיט'ן טייוועל געפּאָרט:
געדענק — איך וועל קומען צוריק!

היט זשע דערווייל דיין רויב,
און זיסקייט פון פריידיגען זיג;
דיין זודיגע תאוה צום ווייב,
דעם אומשולד פון קינד אין דער וויג . . .
ביז וואַנען כ'וועל קומען צוריק!

די פריידים, די לאַנקעס, די פּיה,
און אלץ וואָס עס לייכט קעגען זון . . .
דיין האַס, און דיין האַלז, און דיין בלוט —
קיין טראָפּען זאָל פעלען דערפון.
היט ביז כ'וועל קומען צוריק!

וואַרט, איך וועל קומען צוריק,
מיט'ן משפּט פון גאָט און מיין שול . . .
און מאַנען נישט מער פיל עס קומט . . .
נאָר נעמען פאַר אלץ אין דער פול.
איך שווער! — איך וועל קומען צוריק!

# דאָס אייביגע לעבען

(לעגענדע)

פון יעקב קרעפּליאַק

.2

## אין מדבר

וי אוּיפגעהענדע זון האָט געטראָפען לאָא־טצען אין דער יסטעניש פון טאַקלאַ־מאַקאַן.

פאַרשטויבט, אין גאַנצען איינגעהויקערט, האָט לאָא־טצע רויסגעשטאַרצט פון זאַמדיגען שטח, ווי אַ שטיק פונ'ם שטיין, ויף וועלכען ער איז געזעסען.

אומבאַוועגליך, מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגען, די הענט ויפ'ן האַרצען, האָט לאָא־טצע אויסגעזעהן ווי אַ טויטער מדבר־יף, וואָס אַ זאַמד־שטורעם האָט פאַרשאָטען און ווידער אַנט־לעקט פאַר דער שיין פון דער זון.

פון איהם האָט זיך אויסגעצויגען אַ צעקרימטער שאָטען ין בלוּיליכען פרימאָרגען, זיך צעלעגט אויפ'ן וויסטען זאַמד, יי אַ שוואַרצע משונה'דיגע חיה, און עפּעס געוואַכט ביים זייט ון אָפּגעוואַרט . . . .

שעה'ן זיינען געלאָפען — פאַרלאָפען. די זון האָט שוין אנג צעשמאָלצען די פרימאָרגענדיגע מדבר־שאָטענס און ברי־ינ אָנגעגליט די שטיינער און דעם זאַמד. לאָא־טצע איז אַלץ עזעסען ווי אויסגעטאָן פון דער וועלט, געקוקט מיט'ן האַלבען פענעם בליק אין מדבר אַריין און געזעהן נאָר פאַר זיך דעם אַרק פון כאַנאַן, דעם אויפגערעגטען המון, דער יונגער טויטער יי זיינע פּיס; און די אויערן האָט נאָך אַלץ געריסען די לה פון מישוגע'נעם.

געקומען איז ער צו שאַנג־טי דערציילען, ווי זינדיג, ווי לעבט די מענשען זיינען . . . אוועק איז ער פון כאַנאַן מיט שנאה, מיט אַ געפיל פון נקמה, זיי האָבען אין אים גאָטס וואָרט געלעסטערט, זיין הייליגע שליחות פאַרלאַכט און פאַר־שפּאָט.

און ער איז געגאַנגען צו שאַנג־טי בעטען, אַז ער זאָל זיי טראָפען; זאָל ער אין פולער מאָס אויסגיסען זיין צאָרן אויף יי . . . זאָל ער זיי באַווייזען זיין שטאַרקען אַלמעכטיגען אָרעם . . .

אָבער וואָס מער ער האָט זיך דערנענטערט צום מדבר, אַלץ עער איז זיין כעס שטילער געוואָרען. באַלד האָט אים עפּעס א רויסע אומרוהיגקייט באַהערשט, און איצט פילט ער נאָר א נער, אַזאַ טיפען, אומרוהיגען, פּייניליכען צער, ווי ס'וואָלט רויסנעקוואָלען פון אַלע קעמערלעך פון זיין איך.

ער ווייס, אַז דער אַלמעכטיגער שאַנג־טי וואַרט, ער קוקט אַראָפּ צו אים . . . אָבער עס עפענען זיך אים די ליפּען ניט, י צונג איז צוגעפּאַלען צום גומען, אין האַרצען איז לער, ס'האָט אויסגעברענט דאָס פייער פון האַס און מער איז גאָרניט געב־ליבען, נאָר אַן אומרוהיגקייט, אַ גרויסע אומרוהיגקייט . . .

לאָא־טצע האָט פּלוצלונג ברייט צעעפענט די אויגען און ערזעהן, אַז דער שאָטען זיינער האָט זיך ווי אַ לעבעדיגער ענומען איינשרומפען, קלענער ווערען, ביז ער איז געבליבען מעט אַן אומבאַמערקבאַרער פלעק.

לאָא־טצע האָט פּלוצלונג דערפילט אין זיך אַ דראָבנעם יטער, ווי זיין גאַנצער עלטער וואָלט זיך מיט אַמאָל באַוויזען אין אים באַהערשט. גלייך האָט אים פייערדיג דורכגעבליצט אַ געדאַנק:

„דאָס איז מיין סוף . . .“

און אַ פאַרבלענדטער, אַ צעמישטער איז ער געבליבען. וי אַ פאַר'חלש'טער האָט ער פאַרמאַכט די אויגען און האָט דערפילט, ווי יעדער טיילכעל פון זיין אַלטען קערפּער ציט זיך איין, שרומפּט זיך איין פון שרעק, ווי יעדעס קעמערל אין אים עפענט אַ מויל און שרייט: „איך וויל לעבען“, און מיט טויזענטער קולות שרייט עס אַרויס פון אים: „איך וויל לעבען, אייביג לעבען“, און דורשטיג עפענען זיך מיילעכלעך און זוכען בלינד, ווי זיי וואָלטען זיך געוואָלט צוזייגען צו דער מאַמע־לעבען . . .

„זינדיגער וואָס איך בין“, האָט זיך לאָא־טצע געכאַפּט מיט ווייטאָג. „די זינד פון כאַנאַן האָט מיך אויך פאַרשלעפּט, זייער מורא פאַר'ן טויט האָט מיר אויך פאַר'סמ'ט. איך, וואָס האָב נאָך אין מיין מוטערס בויך געלעבט אַזוי לאַנג, איך, וואָס לעב אַזוי לאַנג מיט שאַנג־טים גנאָד, שרעק זיך אויך פאַר'ן טויט צוגלייך מיט זיי . . . זינדיגער וואָס איך בין!“

אָבער הילפלאָז האָט ער זיך אַרומגעקוקט. איז זיין בליק געפאַלען אויפ'ן זאַמד, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער זאַמד שיט זיך איבער אין אַ שטילען מורמעל: דו וועסט זיך צע־שיטען אין שטויב . . . האָט ער אָפּגעדרייט דעם קאָפּ און דערזעהן זיין שאָטען, האָט אים אויסגעדוכט, אַז זיין שאָטען פאָכט, ווינקט צו אים: דו וועסט פאַרשווינדען ווי אַ שאָטען...

און ער האָט זיך מיט זיין גאַנצער חכמה דערפילט אַזוי קליין, נישטיג, ווי אַ יאַשטשערקע, וואָס ווערט צעטראָטען אין דער מדבר אונטער'ן טראָט פון קעמעל.

מיט פאַרלייגטע הענט אויפ'ן האַרצען האָט זיך לאָא־טצע אויפגעהויבען און זיך געבוקט צום קלאָרען מדבר־הימעל, פאַר'ן לויטערען געצעלט פון שאַנג־טי.

— גרויסער שאַנג־טי! — האָט ער זיך געווענדט מיט געבעט. — די מענשען הערען מיך ניט, דער טויט שטערט זיי צו פאַרשטעהן דיין גרויסקייט און דיין אייביגקייט . . .

נאָר רוהיג האָט אַראָפּגעקוקט דער הימעל און אין וויסטער שטילקייט איז געלעגען דער מדבר.

— דו שווייגסט, גרויסער שאַנג־טי, אָבער די מענשען האָבען זיך ניט געוואָלט צוהערען צו די רייד, מיט וועלכע דו האָסט מיך געשיקט צו זיי. דיין אייביגען לעבען פאַרשטעהען זיי ניט . . .

— גרויסער שאַנג־טי! — האָט לאָא־טצע זיך געבעטען. — די מענשען דורשטען נאָך אַן אמת'ן אייביגען לעבען! דו אַליין האָסט דאָס איינגעוועבט אין זייער לעבענס־געוועב. זיי ווילען לעבען אייביג, אייביג. דער פאַרלאַנג איז בלינד און שטאַרקער פון אַלע זייערע געדאַנקען; ער איז שטאַרקער פון אַלע זייערע געפילען; ער איז שטאַרקער אפילו פון זייער ווילען . . . גרויסער שאַנג־טי! כ'האָב דאָס דערפילט, ווען כ'האָב גערעדט צו די מענשען פון כאַנאַן, ווען כ'האָב נאָר דערמאָנט וועגען אַן אייביג לעבען. כ'האָב דערהערט די זו־דיגע שטים פון זייער בלוט, די גאַנצע בענקעניש און צאַפּ־לעניש נאָך אַן אייביגען לעבען . . . גרויסער שאַנג־טי! ווען עס איז וועלען מענשען דאָך לעבען אייביג. ניט אומזיסט האָסטו דאָך מיט אָט דעם באַגער דורכגעזאַפּט זייער גוף און אָנגעפילט די נשמה . . . דערנענטער דעם סוד, אַנטפּלעק דעם קוואַל פון אייביגען לעבען, און אייביג וועלען מענשען לויבען און בענשען דיין נאָמען! . . .

נאָר רוהיג האָט אַראָפּגעקוקט דער הימעל און אין וויס־טער שטילקייט איז געלעגען דער מדבר . . .

ס'איז געוועזען טאָג און ס'איז געוואָרען נאַכט. האָט לאָא־טצע ווי צום ערשטען מאָל דערזעהן די שטערען, זיך פאַרקוקט און זיי געפרעגט:

„שטערען, אפשר ווייסט איר וועגען קוואַל פון אייביגען לעבען?“

און די שטערען האָבען צוריק ערנסט שטרענג געשימערט:

„מיר ווייסען.“

ס'איז געוועזען נאַכט און ס'איז געוואָרען טאָג. האָט לאָא־טצע ווי צום ערשטען מאָל דערזעהן די זון און זיך געווענדט:

„זון, אפשר ווייסטו וועגען קוואַל פון אייביגען לעבען?“

און די זון האָט ווי שטענדיג געשמייכעלט צו לאָא־טצע:

„אויב איך בין דאָס ניט, ווייס איך ניט.“

איז אָנגעלאָפען אַ ווינט און געהויבען דעם זאַמד פונ'ם מדבר. האָט לאָא־טצע זיך צו אים געווענדט:

„ווינט! דו פליסט אומעטום, ווייסטו וועגען קוואַל פון אייביגען לעבען?“

האָט זיך דער ווינט אַרומגעדרייט אַרום לאַאָ־טצע און נע'סוד'עט אויפ'ן אויער:

„גרויסער לאַאָ־טצע! אַליין ווייס איך ניט, נאָר יאָרען לאַנג צוריק, ווען איך בין נאָך אַ יונגער ווינטעל געווען, האָב איך זיך אין מיטען נאַכט אין אַ געדיכטען וואַלד פאַרקליבען און שטיל זיך געצויגען דורך די צווייגען און געגריסט זיך מיט זיי. פּלוצלונג האָב איך דערהערט, ווי צוויי „אייביגע פייגעל“ פירען אַ שמועס. איך בין נייגעריג געוואָרען, וואָס די אייביגע פייגעל רעדען צווישען זיך, האָב איך פאַרהאַלטען דעם אָטעם און זיך איינגעהערט וואָרט אין וואָרט.

איין פויגעל האָט געזאָגט: „ס'וועט מיר שוין נייע טויזענט יאָר, איך דאַרף שוין ווידער פליען זיך אָנטרינקען פונ'ם קוואַל פון אייביגען לעבען.“

„און איך קום איצט פון דאָרטען . . .“ האָט די צווייטע נעענטפערט. „ווייסט, אַז דער קוואַל האָט זיך איבערגעטראָגען אויפ'ן וועג . . .“

פאַר גרוים פרייד מסתמא, וואָס איך וועל זיך דערוויסען וואו דער קוואַל פון אייביגען לעבען איז, האָב איך געמאַכט אַ צו גרויסען גערויש, ווייל דער צווייטער פויגעל האָט גלייך אָפּגעהאַקט:

„דוכט זיך אימעצער רוישט צווישען די צווייגען . . .“ בי
דע האָבען זיך צוגעהערט און געגלאָצט זייערע בליציגע אויג
אין דער פינסטערניש. „געוויס אַ מענש . . .“

דער מענש, וואָס יאָגט זיך אַזוי נאָך אים, ווייס גאָרני
ווי נאָענט ער איז פון קוואַל פונ'ם אייביגען לעבען, ווען ע
געפינט זיך איינער צווישען זיי, וואָס זאָל נאָר זוכען — זוכע
געפינט ער אים, דעם קוואַל . . . צום גליק איז ניטאָ אַז
מענש, ווייל ער איז פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, שטענד
מיט עפּעס אַנדערש . . . האָבען זיך די פייגעלביידע יאָמע
ליך צעלאַכט. גלייך זיינען זיי פאַרפאַלען געוואָרען אין דע
נאַכט אַריין.

באַלד האָט שוין דער ווינט געזעגנט פון דער ווייטען:

„געדענקט, לאַאָ־טצע, אַז דו וועסט אים געפינען, פאַרגע
ניט אָן מיר . . .“

לאַאָ־טצע האָט זיך אויפגעהויבען אין זיין גאַנצער הוי
מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָט ער זיך געווענדט צום הימע

— גרויסער שאַנג־טי, זאָל איך געהן זוכען דעם קווא
פון לעבען?

נאָר רוהיג האָט אַראָפּגעקוקט דער הימעל, און אין וויסטע
שטילקייט איז געלעגען דער מדבר . . .

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

(ענד פון זייט 4)

סעמיטישע העצע אויף אידען ניט נאָר אין האַנדעל, נאָר אויך אין פאַבריק, ביים וואַרקשטאַט, און אין די יוניאָנס, האָט נאָך מער פאַרשווערט דעם גורל פון אונזער ברידערליכער אַרבייטער אָרגאַניזאַציע, און נאָך ערנסטערע פליכטען זיינען אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרען. איר האָט געוויס די טעג ערהאַלטען אַן אויפרוף אין נאָמען פון צענטראַל קאָמיטעט פון „בונד“ אין פוילען אונטערגעשריבען פון גענאָסע מעדעם. עס איז איבעריג עפּעס צוצוגעבען צו דעם וואָס זיין וואַרימע און גלענצענדע פעדער האָט געשריבען. מיר זיינען זיכער, אַז איר וועט טאָן אייער חוב, און אַז איר וועט וויסען ווי אַזוי צו טאָן אים, אַז דער נאָמען פון אַרבייטער רינג זאָל ניט אויפהערן צו פאַרלירען דעם צויבער קלאַנג וואָס ער האָט געהאַט ביז איצט אין די אויערן פון אונזערע ברידער און מיטקעמפער אין די רייען פון „בונד“.

*   *   *

**אונזער שול־צוזאַמענפאָר** אין די אַ. ר. שול־קרייזען רופט אַרויס אונזער שול־צוזאַמענפאָר, וואָס דאַרף פאָרקומען אין קליוולאַנד, אַ זעהר גרויסען אינטערעס. פאַר דעם יאָר האָט זיך די אַ. ר. שול־באַוועגונג נאָך ברייטער צעגאָסען און האָט אַרומגעכאַפּט כמעט יעדע באַדייטענדע שטאָט, וואָס האָט אַן אַ. ר. ברענטש. דאָס ווייזט קלאָרער, ווי דער שטאַרקסטער אַרגומענט, אַז די אידישע אַ. ר. שולע איז נישט קיין עקזאָטישע פלאַנץ, וואָס „די פאַנאַטיקער פון אידיש פּרובען קינסטליך אַרײַבערפלאַנצען פון אַן אַנדער באָדען“, נאָר אַז דאָס איז אַ נאַטירליכע, נאָרמאַל־וואַקסענדע בלום, וואָס נעמט ערשט צולאָזען אירע בליטען.

געוויס האָט נאָך אָט די גאַנצע באַוועגונג געגנער אויף טריט און שריט. געוויס זיינען פאַראַן צווישען אונז הונדערטער גוטע אַ. ר. טוער, וואָס באַציען זיך צו אונזער נייעסטער אינסטיטוציע קאַלט און אָפּטמאָל אויך פיינדליך. אָבער, לעזט מען אויפמערקזאַם דעם אַרטיקעל אין דעם נומער פון ו. מעדעם, זעהט מען גלייך, אַז דיזעלביגע זאַך איז געוועזן מיט עטליכע יאָר צוריק אין פוילען. אויך דאָרט זיינען אין אָנהייב געווען געגנער, אַפילו אין אונזערע ראַציאַליסטישע קרייזען, צו די אידישע פאָלקס־שולען. אויך דאָרט האָט מען אויף דעם געקוקט ווי אויף אַן אימפּאָרטירטען אַרטיקעל (פון דער פאַראַסטער ליטאָ), ווי אויף אַן אַרויפגעצוואונגענעם יאָך פון דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ. אָבער, ווען די באַוועגונג האָט זיך שוין קריסטאַליזירט און אָנגענומען די באַשטימטע פאָרמען, ווען אַנשטאַט גלייך צוזאַמענצוברעכען האָט זי זיך אויפגעבויט

איין עטאַזש נאָכ'ן אַנדערען, האָבען שוין אַלע איינגעזעהן, א
דאָס איז אַ באַוועגונג, וואָס איז געקומען צו פאַרבלייבען.

עס וואָלט דעריבער געווען אַ פאַרזעהן פון יענע פריי
אונזערע, וואָס ווערען נישט נתפעל פון דער גאַנצער אַ. ר. שו
אַרבייט, אויב זיי וואָלטען נישט געשענקט דעם קליוולאַנדע
צוזאַמענפאָר פון אונזערע שול־טוער די געהעריגע אויפמער
זאַמקייט. ווייל נישט נאָר וועט מען דאָרט פאַרהאַנדלען רי
פּעדאַגאָגישע פראַגען. אויפ'ן טאָג־אָרדענונג שטעהט אויך
פראַגע וועגען דעם ה ע ר צ י ה ו נ ג ס ־ ג י י ס ט פון אונזער
שולען; וועגען דעם ווי אַזוי צו דערציהען אונזערע קלענער
קינדער אין דעם ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ן גייסט און עט
און ווי אַזוי צו לערנען אונזערע דערוואַקסענע קינדער
יסודות פון אָט דער לערע, ווי אַזוי מיר זאָלען זיי צוגרייט
אַלס גוטע דענקער און קעמפער פאַר דער נייער וועלט.

פאַר דער בילדונגס־טעטיגקייט פון אַ. ר. אין אַלגעמ
וועט דער צוזאַמענפאָר האָבען אַ גרויסע באַדייטונג. עס וו
דאָרט באַשטימט ווערען די פראַגע פון לערער־קורסען און אַ
זערע באַציהונגען מיט'ן שוין עקזיסטירענדען לערער־סעמינא
וועגען אַ מיטעל־שול א. אַ. וו. עס וועלען אויך באַטראַכ
ווערען פראַגען אין שייכות מיט דער עקאָנאָמיק פון אַ. גזע
שולען, אויסער אַ גאַנצע רייע אַנדערע פראַגען, וואָס דער לעז
וועט געפינען אויף אַן אַנדער פּלאַץ אין דעם נומער.

דער צוזאַמענפאָר איז אייגענטליך צוגעגרייט געוואָר
אָפּגעהאַלטען צו ווערען אין טאָראָנטאָ. מיר האָבען געפּי
אַז די טאָראָנטאָ'ער ברענטשעס פון אַ. ר. ליידען פון דעם, וו
די אַ. ר. קאָנווענשאָן איז איבערגעטראָגען געוואָרען קיין באָ
טאָן צוליב דעם גרויסען נצחון אין מאַסאַטשוזעטס. מיר האָב
זיי געגעבען אונזער שול־צוזאַמענפאָר טראָץ דעם, וואָס דע
איז געווען פאַרבונדען מיט אַביסעל גרעסערע הוצאות.

אין די לעצטע טעג איז אונז אָבער קלאָר געוואָרען,
נאָכדעם ווי מיר האָבען „זיכער געמאַכט די גאַנצע וועלט פ
דעמאָקראַטיע“ קענען מיר נישט אַרומלויפען פון איין ג
איבער דעם אַנדערען צוליב אַזאַ קלייניגקייט ווי אַ צוזאַ
פאָר פון אַ. ר. אינסטיטוציעס.

מיר האָבען געקריגען אַלע אָנצוהערענישען אין דער וועל
אַז מיר זאָלען בעסער זיצען אין דער היים, איידער אונטער
נעמען אַ רייזע קיין קענעדע . . .

מיט אַ טיפען ווייטאָג אין האַרצען האָט די נאַצ. עדיוק
שאָנאַל קאָמיטע געמוזט איבערטראַגען דעם צוזאַמענפאָר אין
נאָענטער שטאָט פון טאָראָנטאָ, וואו עס זאָל אַביבעסטע קענ
דינען דער אָרטיגער באַוועגונג. מיר האָבען אויסגעקליב
ק ל י ו ו ל אַ נ ד.

זאָל דער גרויסער אויפטו פון צוזאַמענפאָר זיין אַ גריי
צו אונזערע פריינד אין טאָראָנטאָ, אַז מיר האָבען געמאַכט נ
אַ טריט צו מאַכען באמת זיכער די וועלט פאַר אירע קינדער.

# די טרעגער פון דער אידישער קולטור

פון וו. מעדעם

מען האט זיך א סך גע׳פלפול׳ט וועגען דער אידישער קול־
ר, — וועגען דער נייער, וועגען דער מאדערנער, מיט דער
דישער שפראך אלס איר אויסדרוק און געצייג, מיט דער
דישער שולע אלס איר יסוד און באדינג. צי האט זי א
ים, צי האט זי א ווערדע, צי האט זי א צוקונפט? איצט
ט זיך דער פלפול געענדיגט. וויינינגסטענס דארטען, אויף
ער זייט ים, ביי אונז אין פוילען און אין ליטא. דאס לעבען
ט געזאגט זיין ווארט. די שווערע מלחמה־יארען האבען גע־
פען געשעהענע פאקטען. די אידישע פאלקס־שול איז דא.
צייט פון חקירות איז אריבער, די קולטור־באוועגונג האט
יינגעלאזט אירע ווארצלען אין דער טיפעניש פון אידישען
לקס־לעבען.

די מלחמה־יארען האבען אבער באוויזען נאך א צווייטע
. זיי האבען ענדגילטיג אנטפלעקט דעם אמת׳ן, דעם איינ־
ען טרעגער פון דער מאדערנער אידישער קולטור־באוועגונג.
ן פון טאג צו טאג ווערט אלץ קלארער און קלארער: דער
ינגער טרעגער איז דער ארבייטער־קלאס.

די גרויס־בורזשואזיע — בפרט אין פוילען — איז ווייט
אידישען לעבען. וויינינגסטענס, די אלט־איינגעזעסענע גרויס־
זשואזיע פון די „הויכע פענסטער". זי איז פויליש. פוי־
ט לויט דער שפראך, פויליש לויט דעם גייסט. זי איז אפ־
יסען פון אידישען פאלקס־לעבען. אמאל האט זי נאך גע־
ט א געוויסע השפעה. איצטער האט זי פערלוירען איר וויר־
ג. זי איז פרעמד און ווייט. אן אויסגעטריקענטער, אפ־
יסענער צווייג. א צווייטער טייל פון דער בורזשואזיע איז
ניסטיש. לויט׳ן געפיל איז זי נאציאנאליסטיש. לויט דער
רקונג אבער איז עס דיזעלבע אסימילאציע. זי האט פיינט
אידישע שפראך. זי וויל האבען העברייאיש. די העברייי־
שע שפראך לאזט זיך אבער נישט איינפלאנצען אין דעם
דישען לעבען; ס׳איז א פרעמדע זאך, א קינסטליך געוויקס.
יבט זי אויפ׳ן פאפיר; אינ׳ם לעבען אבער נוצט מען פוי־
. מען רעדט וועגען אידענטום און מען פלאנצט איין די
לישקייט. דאס איז דער אמת׳ער פרצוף פון דער ציוניסטי־
ר באוועגונג אין פוילען. די שנאה צום אידיש שטויסט
ם ציוניזם אין די ארימס פון דער אסימילאציע. פאר דער
דערנער אידיישער קולטור־באוועגונג איז דער ציוניזם א
נד, א שטערונג, א סכנה.

דער אידישער קליין־בירגער ווייס בכלל נישט פון קיין
טור. ער פארט צום רבי׳ן, אדער ער שפילט אין קארטען.
ס איז אלץ. מען האט געפרובט אים אויפצואוועקען; מען
ט געפרובט אים צוצוציען צו א קולטור־באוועגונג; מען האט
פרובט צו שאפען אין זיין סביבה א פאליטישע פארטיי —
„פאלקס־פארטיי". עס האט זיך נישט איינגעגעבען. די
טור־באוועגונג איז געוועזען א טויט געבוירען קינד; די פא־
טיישע פארטיי איז קיינמאל נישט געקומען צו שטאנד; עס
נען געוועזען א פאר פאפולערע מענשען, וועלכע פלעגען קריגען
יסע שטימען ביי די וואלען, און דאס איז אלץ. דאס קליינ־
נערטום האט נישט קיין שעפערישע קרעפטען. דער קליין־
גער קאן זיך נאכשלעפען נאך אנדערע. אמאל נאך די
יסע בעלי־בתים, אמאל נאכ׳ן ארבייטער־קלאס. ס׳איז אבער
ט ביי אונז קיין זעלבסטשטענדיגע קראפט. ס׳איז א מענ־
ן־מאטעריאל, וואס לאזט זיך קנעטען, וואס קאן אבער נישט
זיין קיין זעלבסטשטענדיגע קראפט מיט אן אייגענעם ווילען, מיט אן אייגענעם אימפעט, מיט אן אייגענעם איניציאטיוו.

אזא קראפט איז נאר דער ארבייטער־קלאס.

דער ארבייטער־קלאס איז דער טרעגער פון דער מאדערנער איינציגער קולטור־באוועגונג. ס׳איז נישט קיין נייעס. מיט יארען צוריק האט ער געגעבען דעם ערשטען שטויס דערצו. די אנטשטעהונג און די טעטיגקייט פון דער אידישער ארבייטער־פארטיי פונ׳ „בונד" איז געווען די גרעסטע קולטור־גע־שעהעניש אין דעם אידישען קולטור־לעבען פאר דעם לעצטען האלבען יארהונדערט. דער „בונד" האט געמאכט פון דעם אידישען ארבייטער א קולטור־מענשען. ער האט געשאפען דעם פארברויכער פון קולטור. און אזוי ווי דער אידישער ארבייטער איז געווען און געבליבען א פאלקס־מענש, האט זיין קולטור געדארפט און געמוזט זיין א פאלקס־קולטור, זי האט געמוזט זיין א אידישע קולטור. אידיש לויט׳ן אינהאלט און אידיש לויט דער שפראך. ס׳איז געווען אמאל א צייט, ווען די אידישע שפראך איז געווען א „זשארגאן", פאראכטעט, פארווארלאזט און גרינגגעשעצט. ווי ווייט זיינען פון אונז די דאזיגע אלטע צייטען! מען האט פאראכטעט די אידישע שפראך, ווייל ס׳איז געווען א „שפראך פון דער גאס", ווייל ס׳איז געווען די „שפראך פון ארימע לייט", די „שפראך פון שוסטער און שניידער." דער „בונד" האט אבער אויפגעהויבען די דאזיגע שוסטער און שניידער צו א מדרגה פון א מעכטיגען בכבור׳יגען קלאס. און צוזאמען מיט זיי האט זיך אויפגעהויבען אויך זייער שפראך און געווארען א נאציאנאלער לשון. דער ארב.־קלאס איז געווארען א יחסן, דער ארבייטער־קלאס איז געווארען דער יורש פון די לעבענס־אוצרות, דעם ארבייטער־קלאס געהערט די צו־קונפט. און צוזאמען מיט אים געהערט די צוקונפט צו זיין שפראך און זיין קולטור.

דער „בונד" האט געלייגט זיין פונדאמענט. און ס׳איז א מערקווירדיגע זאך, אז גראד אין די שרעקליכע מלחמה־יארען, אין מיטען פון דעם אלגעמיינעם חורבן, פון דער גרויסער צע־רודערונג, האט מען אנגעהויבען צו בויען — הויך און ברייט — דעם בנין גופא. אין דער שווערסטער און שרעקליכסטער צייט האט אויפגעבליט די קולטור־באוועגונג. דאס נייע, דאס וויכ־טיגסטע, וואס איז געשאפען געווארען פאר דער דאזיגער צייט, דאס איז געווען די מאדערנע, וועלטליכע אידישע פאלקס־שול.

עס וואלט געווען א גוזמא צו זאגען, אז די ארבייטער האבען אלץ געשאפען גאנץ אליין, אן זייטיגער הילף. ס׳איז דא פאראן א הייפעל אינטעליגענטע קרעפטען, וואס טוען די גרויסע און וויכטיגע ארבייט. ס׳איז דא די סאציאליסטישע אינטעליגענץ, ס׳איז דא פאראן געציילטע יחידים פון סתם דע־מאקראטישער אינטעליגענץ. זיי האבען גרויסע פארדינסטען. אבער דאס זיינען יחידים. זייער ארבייט האט א פעולה אויף אזוי ווייט, אויף וויפיל זיי געהען מיט דער ארבייטער־מאסע, אויף וויפיל זיי ארבייטען פאר איר און שטיצען זיך אויף איר. דער ארבייטער־קלאס איז דער חוט־השדרה, דער רוקען־ביין פון דער קולטור־באוועגונג; ער לייגט אויף איר ארויף זיין שטעמפעל און דרינגט איר אדורך מיט זיין פראלעטאריש־סא־ציאליסטישען גייסט. און ער קאן באמת שטאלצירען מיט די רעזולטאטען, צו וועלכע ער האט דערגרייכט.

וועגען די דאזיגע רעזולטאטען רעכען איך צו האבען א געלעגענהייט צו שרייבען א צווייטען מאל.

# אויף דער שוועל פון באַנייאונג

א געזאַנג לכבוד מאַי

פון י. ב. בײלין

מיט א וואך האַרץ גרייט זיך צו א וואַרטענדיגע וועלט, גרייט זיך צו איר יום־טוב.

אַן אָפּגענאַרטע און א פאַרפּייניגטע, א באַליידיגטע און א פאַרבלוטיגטע, ציילט זי מיט יעדען האַרץ־שלאַג די מינוטען, די סעקונדען, ווען זי וועט זיך דערזעהן, אויף א ווײַלע כאָטש, א האָפנונגספולע און אַ שטראַלענדע, אַן אַדורכגענומענע מיט דעם זוניגען גאָלד פון א באַנייטער צייט.

דאָס געבויגענע, פאַרוויאַנעטע גראָז אויפ'ן פעלד; די פאַרשטייפטע, פאַרפרוירענע צווייגלעך אויף די ביימער; די האַלב פאַרגליווערטע טייכלעך; די חיות אין די וועלדער, און די מענשען אונטער די שטייגען און אויסער די שטייגען — די גאַנצע וועלט האַלט אָנגעשטרענגט איר וואַכזאַמען אויער, לױשט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם צו פאַרנעמען דעם ערשטען גרוס פון דעם קומענדיגען מאַי.

ווי די וועלט וואַרט אויף מאַי, ווי די וועלט דאַרף א מאַי!

מיט איר אַלטען, קראַנקהאַפטען האַרץ קלאַפּענדיג אַלץ טעמפּער און שוואַכער, מיט אירע פאַרטריקענטע, איינגעשרומפּענע אָדערן פּולסירענדיג אַלץ נידריגער און טויטליכער, מיט איר אויסגעדעמפּטען און אויסגעוועבטען מוח, וואָס שטאַקט און גלאָצט אומבאַהאָלפען, — וואַרט זי אונטער־באַוואוסטזיניג, מיט אַלע אירע רעשטלעך כחות פאַר איר מאַי, פאַר איר אויפלעבונג.

מאַי, מאַי, מאַי!

א פרישער שטראָם, א נייער אָטעם, די יונגע קראַפט פון א ווידער־געבוירענער וועלט. די כחות, וועלכע קומען מיט אים קענען ניט אָפּגעשטעלט ווערען. ווער קען צאַמען זיין מיטגעבראַכטען גייסט, די קראַפט, וואָס שוואַנגערט מיט די זוימען פון דער שאַפונג?

הייבען זיך טאַקע און שטרענגען זיך דיניגקע גרעזעלעך, רייסען אַדורך זיך דער ערד און דורך שטיין בלימעלעך, בלעטעלעך, ווערימלעך, פליגעלעך, און רויזען עס ווערען געבוירען!

רייניגט און וואַשט זיך די ערד א געהייליגטע, בלויט זיך דער הימעל אַלץ העכער און טיפער איבער א באַלויכטענער וועלט.

ווערט מען באַטרונקען פון ריח פון בליטען, און דאָך איז מען וואַך.

הייבען פאַרלאַנגען אָן ציען און רופען, הייבט אָן דאָס האַרץ אַזוי זיכער צו שלאָגען, און דאָך ווי רוהלאָז זי פילט.

מאַי.

עס איז דער יום־טוב פון אַלץ, וואָס ערשט נעכטען איז געלעגען געבויגען, צעטראָטען, דאָך אומרוהיג געהאָפט אויף דערלייזונג.

מאַי!

און עס ציילט א וועלט די טעג און די נעכט, די שעה', די מינוטען, די סעקונדען, און פרעגט: „ווען וועט שוין קומען דער מאַי?" אין דער טרויעריג־געוועבטער וואָך, אין דעם גאָלד־געשפּונענעם חלום, פליסטערט זי:

מאַי, מאַי, מאַי!

* * *

מאַי. נעהנטער און נעהנטער גענענען מיר צו דעם מאַי, צו דעם מאַי פון דער געשיכטע, צו דעם ווידערגעבורט פון דער מענשהייט. וואָס קען אָפּהאַלטען זיין קומען? ווער קען זיין אַקעגענשטעלען זיין אימפּעט און לויף? דורך שטורעם און ווינטען, דורך שנייען און זאַווערוכעס, דערנענטערן מיר זיך טריט נאָך טריט צו אונזער שיינעם ציל, צו אונזער בליענדער מאַי. אויב אונז דאָ, אין די שניידענדע קעלטען, שלאָגט נאָך ניט אַנטקעגען זיין וואַרימע בליהונג, ווייסען מיר, אַז דאָרט ווייט, ווייט, האָט זיך דער מאַי אָנגעפאַנגען . . .

אויב אונז דאָ קומט נאָך אויס צו טראָגען דעם שווערען האָמעטנעם כאָמוט פון ביטערן ווינטער, ווייסען מיר אָבער אַז דאָרט איז ער פאַרשוואונדען, און א גלייכער, אַן אויסגעשטרעקטער, א האָפנונגספולער און א גלויבענדער, העלער דער מענש פון מאַי דער נאָטור פון מאַי אין דער וואָך דערבאַרער אַרבייט פון באַנייאונג.

וואָס פאַר א הערליכע פּאָר!

מאַי און מאַי!

דאָס ליכט פון די הימלען צעמישט מיט די ריינסטע א הייליגסטע געדאַנקען. די קווייטען פון הערצער פאַרפלאָכטען אין איין בוקעט מיט דעם בעז־וויאָלעט און מאַי געשאַנקענע בלומען. מאַי פאַלט אין די אָרעמס פון מאַי; ניט אויף צו שיידען זיך באַלד, ניט אויף צעשפּרייטען זיך באַלד, נאָר צו זאַמענוואַקסענדיג, צוזאַמענגיסענדיג זיך, צוזאַמענמישענדיג זיך אין איין העל־געפאַרבטער האַרמאָניע.

דאָס איז דאָרטען . . . און מיר דאָ הערען ווייטער כּ... א וואַך האַרץ, מיט א צוריקגעצויגענעם אָטעם, לױשען און וואַרטען, וואַרטען און האָפען, אויף דער שוועל פון דעם יום־טוב פון באַנייאונג.

# איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט

א קורצע ערקלערונג

פון ל. באַראַדולין

.2

צווייטען דעם עולם טראָגען זיך ארום קלאַנגען, אַז איינשטיין האָט אָפּגעלייקענט די ביז־איצטערדיגע געאָמעטריע און אָפּגעלייקענט ניוטאָנ'ען מיט זיין גאַנצער טעאָריע פון גראַוויטאַציע. דאָס איז ניט ריכטיג. יעדענפאַלס איז עס זעהר איבערטריבען.

ווי איך האָב אָנגעצייגט אין דעם פאָריגען אַרטיקעל קען מען נאָך דערווייל ניט ריידען גענוג באַשטימט וועגען איינשטיינ'ס טעאָריע און אַלע פאָלגען וואָס שטאַמען פון דאַנען ארויס, ווייל די זאַך איז נאָך ווייט ניט גענוג קלאָר. עס איז מעגליך, אַז די זאַך איז ניט גענוג קלאָר אַפילו פאַר דעם גרינדער פון דער טעאָריע אַליין.

און אָט איז אַ באַווייז: מיט זיין נייער טעאָריע איז איינשטיין ארויסגעטראָטען צום ערשטען מאָל אין דער עפענטליכקייט אין יאָר 1905; מיט הער ערקלערונג, אַז ליכט־שטראַלען דאַרפען צוגעצויגען ווערען צו זעהר גרויסע הימלישע קערפערס, וועלכע זיי געהען פאַרביי, איז ער ארויסגעטראָטען מיט עטליכע יאָר שפּעטער. די געשיכטע מיט די שטראַלען איז עקספּערימענטאַל דערוויזען געוואָרען נאָך מיט עטליכע יאָר שפּעטער, אין יאָר 1919, און מיט זיין ערקלערונג, אַז עס איז מעגליך, אַז די וועלט האָט אַ סוף (די באַגרעניצטקייט פון אוניווערם וועט ערקלערט ווערען אין אַ שפּעטערדיגען אַרטיקעל) איז איינשטיין ארויסגעטראָטען נאָך מיט עטליכע יאָר שפּעטער, אין אָנפאַנג פון 1921. הייסט עס דאָך, אַז די טעאָריע און די פאָלגען, וואָס שטאַמען פון איר ארויס, האַלטען זיך ערשט אין אַנטוויקלען.

און נאָך אַ זאַך: איינשטיין האָט ערקלערט, אַז שטראַלען פון ליכט זיינען אונטערוואָרפען צו גראַוויטאַציע. לויט אונזערע באַגריפען קען נאָר מאַטעריע ווערען אונטערוואָרפען צו גראַוויטאַציע; הייסט עס, אַז שטראַלען פון ליכט באַשטעהען פון מאַטעריע, ד. ה. פון עטהער, ווי מען האָט ביז איצטער גערעכענט. אָבער זיין טעאָריע האָט איינשטיין געבויט הויפּטזעכליך אויף די עקספּערימענטען פון פּראָפ. מייקעלסאָן פון שיקאַגאָ (אויך אַ איד), און אָט די עקספּערימענטען האָבען געגעבען נעגאַטיווע רעזולטאַטען; זיי האָבען ניט דערוויזען די עקזיסטענץ פון עטהער. און ענטוויקלענדיג זיין טעאָריע וועגען דעם, אַז שטראַלען ווערען צוגעצויגען צו הימלישע קערפערס, רעדט איינשטיין די גאַנצע צייט וועגען ענערגיע, און ניט וועגען מאַטעריע און ניט וועגען עטהער. ער רעכענט זיך ניט מיט עטהער. ער לייקענט אים ניט אָפּ און באַשטעטיגט אים ניט. און דעריבער, רעכען איך, אַז עס איז גאַנץ מעגליך, אַז אין גיכען זאָל איינשטיין ארויס מיט אַ נייער ערקלערונג, אַז מאַטעריע און ענערגיע איז די זעלבע זאַך און ביידע שטאַמען פון זעלבען שורש. דער געדאַנק מעג זיין ניט אינגאַנצען קיין נייער, ער וועט אָבער באַקומען אַ גאַנץ־נייע באַדייטונג אין וואָג, ווען ער וועט קומען פון איינשטיינען, ווייל ער קומט צו זיינע באַשלוסען דורך דעם וועג פון אייזען־שטאַרקער מאַטעמאַטישער לאָגיק און ווייל איינער פון די פאָלגען פון זיין טעאָריע — די געשיכטע וועגען די ליכט־שטראַלען — איז עקספּערימענטאַל שוין דערוויזען געוואָרען.

און דאָס אַליין שטרעבט צו דערוויזען, אַז ניט אַלץ איז נאָך קלאָר וועגען איינשטיינס טעאָריע און וועגען די פאָלגען, וואָס שטאַמען פון דאַנען ארויס. און דעריבער קען מען נאָך וועגען דעם באַשטימט ניט רעדען. אָבער אַ קורצע און אַלגעמיינע ערקלערונג קען מען יאָ געבען.

איינשטיין האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז די געאָמעטריע, מיט וועלכער מיר האָבען זיך ביז איצטער באַנוצט, איז געווען צופרידענשטעלענד נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מען האָט געדאַרפט מעסטען זאַכען אויף דער ערד; האָט מען געוואָלט ארויס פון דער ערד און אריין אין דעם רוים פון דער וועלט, איז די ביז־איצטערדיגע געאָמעטריע געוואָרען ניט גענוגענד. דאָס זעלבע איז מיט ניוטאָנ'ס טעאָריע פון גראַוויטאַציע. די טעאָריע פון גראַוויטאַציע איז געווען צופרידענשטעלענד צו ערקלערען געוויסע ערשיינונגען אויף דער ערד; האָט מען געוואָלט ארויסטרעטען פון דער ערד און אריין אין דעם רוים פון דער וועלט, איז די טעאָריע פון גראַוויטאַציע ניט געווען גענוגענד. גראַוויטאַציע, צ. ב. ש., ערקלערט צופרידענשטעלענד פאַר וואָס און ווי אַזוי די ערד דרייט זיך ארום דער זון; זי קען אָבער ניט ערקלערען די זונדערבאַרע אויפפירונג פון דער פּלאַנעטע מערקורי, שוין אָפּגערעדט וועגען די באַוועגונגען פון די קאָמעטען.

און דעריבער איז איינשטיין געקומען צום באַשלוס, אַז נאָר אַזעלכע ערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אויף דער ערד, קענען באַטראַכט ווערען מער אָדער וויניגער אַבסאָלוט; און ווילען מיר אריינדרינגען אין דעם רוים פון דער וועלט, מוזען מיר די ערשיינונגען באַטראַכטען אַלס רעלאַטיווע. און דעריבער האָט זיין נייער שטאַנדפּונקט, זיין נייע טעאָריע, באַקומען דעם נאָמען די „טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט“.

איך וויל דאָ, דורך אַן איינפאַכען ביישפּיל, ערקלערען וואָס איז אַזוינס רעלאַטיוויטעט און וואָס מיינט רעלאַטיווע ערשיינונגען.

שטעלט זיך פאָר, אַז אַ סאַבוויי עקספּרעס צוג האָט פאַרלאָזען די סטאַנציע פון דער 14טער סטריט און האָט זיך אוועקגעלאָזען צו דער סטאַנציע פון דער 42טער סטריט. מיר וועלען אָננעמען, אַז צווישען אָט די צוויי סטאַנציעס איז איין מייל, אַז דער צוג געהט פון איין סטאַנציע צו דער צווייטער פאַר 5 מינוט, אַז דער צוג באַשטעהט פון 10 וואַגאָנעס און זיין גאַנצע לענג איז טויזענד פוס. אין דעם גאַנצען צוג געפינט זיך איין מאַן. אין דעם מאָמענט, ווען דער צוג האָט פאַרלאָזען די ערשטע סטאַנציע, האָט דער מאַן אָנגעהויבען גיין פון איין עק צום צווייטען; און ביז ער איז צוגעקומען צום צווייטען עק, איז דער צוג צוגעקומען צו דער צווייטער סטאַנציע. הייסט עס, אַז דער מאַן איז דורכגעגאַנגען די גאַנצע לייננ פון צוג — די טויזענד פוס — פאַר 5 מינוט צייט; ד. ה. אַז זי האָט זיך באַוועגען מיט דער שנעלקייט פון 200 פוס אַ מינוט. אָבער דאָס איז נאָר ריכטיג אין באַצוג צו דעם צוג; אָבער אין באַצוג צו דער שטאָט ניו יאָרק און אין באַצוג צו דעם גאַנצען ערד־קוגעל, האָט זיך דער מאַן פאַר די 5 מינוט איבערגערוקט ניט אויף קיין טויזענט פוס, נאָר אַ גאַנצען מייל, ווייל פריער האָט ער זיך געפונען אויף דער 14טער סטריט, און צו דער ענדע פון די 5 מינוט האָט ער זיך געפונען אויף דער 42טער סטריט. הייסט עס, אַז אין באַצוג צו דער שטאָט ניו יאָרק, אָדער צום גאַנצען ערד־קוגעל האָט זיך דער מאַן באַוועגען מיט דער שנעלקייט פון 1,056 פוס אַ מינוט (אַ מייל איז 5,280 פוס). אָבער דאָס איז נאָר ריכטיג אין באַצוג צו (אויף ענגליש — „אין רילײשאָן טו“; פון זעלבען שורש שטאַמט דאָס וואָרט „רעלאַטיוו“) דעם ערד־קוגעל, און ניט אין באַצוג צו דער זונען סיסטעם. די ערד באַוועגט זיך מיט דער שנעלקייט פון 18½ מייל אין אַ סעקונדע, הייסט עס, אַז אין באַצוג צו אונזער זונען־סיסטעם האָט זיך דער מאַן באַוועגען מיט דער שנעלקייט פון 1,110 מייל אַ מינוט. דאָס איז אָבער נאָר ריכטיג אין באַצוג צו אונזער זונען־סיסטעם, עס זאָגט דאָך אָבער ניט, מיט וועלכער שנעלקייט דער מאַן האָט זיך איבערגערוקט אין דעם וועלט־רוים, ווייל מיר ווייסען ניט מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט אונזער זונען־סיסטעם טראָגט זיך אין וועלט־רוים. אויב ערגעץ אין וועלט־רוים וואָלט געווען אַזאַ זאַך, וואָס שטעהט אויף איין אָרט און באַוועגט זיך קיינמאָל ניט, וואָלטען מיר דאַן געקענט אויסרעכענען די ענדליכע, די אַבסאָלוטע שנעלקייט, מיט וועלכער דער מאַן טראָגט זיך אָדער רוקט זיך איבער אין דעם וועלט־רוים. אָבער וועגען אַזאַ זאַך, וואָס זאָל זיך געפינען באַוועגלאָז ערגעץ אין וועלט־רוים און זאָל זיך ניט רירען פון אָרט, ווייסען מיר ניט, דעריבער קענען מיר ניט אויסרעכענען זיין שנעלקייט אין באַצוג צו דעם עקספּרעס־צוג, אין באַצוג צו דער ערד, אין באַצוג צו דער זונען־סיסטעם און אין באַצוג צו וואָס איר ווילט אַליין; אָבער זיין אַבסאָלוטע שנעלקייט

קענען מיר ניט אויסרעכענען, ווייל מיר האָבען ניט קיין שטענדיגע זאַך, מיט וואָס צו פאַרגלייכען.

און דאָס איז דער פונדאַמענט פון איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט.

צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ וועל איך זיך דאָ מוזען באַנוגענען מיט נאָך איין ביישפּיל, וועלכער טראָגט אַריין אַ נייעם באַגריף אין אונזערע אויסרעכענונגען און אויסמעסטונגען.

וואו געפינט זיך דער אָפיס פון אַ מאַן, וועמען מיר וועלען אָנרופען מיט דעם נאָמען שאַפּיראָ?

ווען איך זאָל זאָגען, אַז זיין אָפיס געפינט זיך אויף בראָדוויי, וועט עס ניט זיין גענוג, ווייל בראָדוויי איז אַ לאַנגע גאַס. ווען איך זאָל זאָגען, אַז זיין אָפיס געפינט זיך אויף קאָרנער בראָדוויי און דער 30־מער גאַס, וועט עס אויך ניט זיין גענוג, ווייל אויף יענעם קאָרנער געפינט זיך אַ געביידע פון 25 שטאָק. (פאַקטיש וועלען זיך אויף יענעם קאָרנער געפינען פיר באַזונדערע געביידען, אָבער אין געאָמעטריע איז אָנגענומען, אַז דאָרטען, וואו עס שניידען זיך איבער צוויי ליניעס, געפינט זיך נאָר איין פּונקט). מוז איך זאָגען, אַז שאַפּיראָס אָפיס געפינט זיך אויף בראָדוויי (די גאַס פון דער לענג), קאָרנער 30־טע סטריט (די גאַס פון דער ברייט) און אויף דעם 18־טען שטאָק (די ריכטונג אין דער הויך). און אָט די דריי ריכטונגען — לענג, ברייט און הויך — באַשטימען וואו אַ געוויסע זאַך געפינט זיך.

אָבער ווען דער לעזער זאָל זיך אַריינטראַכטען אין דעם, ווי אַזוי איך האָב באַשטימט, וואו שאַפּיראָס אָפיס געפינט זיך, וועט ער באַמערקען, אַז דאָרטען געפינט זיך נאָך איין פאָרם פון באַשטימונג, וועלכע געהט געוויינטליך אַדורך ניט באַמערקט. איך האָב געזאָגט, אַז שאַפּיראָס אָפיס „געפינט זיך" אויף אַזאַ און אַזאַ אָרט. און דאָס מיינט, אַז עס ג ע פ י נ ט זיך א י צ ט ע ר. איר קענט קומען אויף דעם אָנגעגעבענעם פּלאַץ און ניט געפינען דעם נייטיגען אָפיס. עס קאָן זיין, אַז שאַפּיראָ האָט דאָ געהאַט זיין אָפיס מיט צוויי יאָר צוריק, אָדער אַז ער האָט געדונגען דעם פּלאַץ און וועט זיך אַריבערקלייבען אַהער ערשט אין דריי חדשים אַרום; אָבער איצטער האָט ער דאָרטען קיין אָפיס. אָבער איך האָב געזאָגט „געפינט זיך", מיינט עס, אַז עס געפינט זיך איצטער. הייסט עס, אַז אַ חוץ דעם, וואָס איך האָב אָנגעגעבען דעם פּלאַץ, אָדער דעם אָרט, האָב איך אויך אָנגעגעבען, צוליב אַ גרעסערער באַשטימטקייט, אויך ד י צ י י ט.

און דאָ קומען מיר צו אַ וויכטיגען פּונקט. די געאָמעטריע באַהויפּטעט, אַז אויב מען וויל אָנצייגען וואו עס געפינט זיך אַ געוויסער פּלאַץ, מוז מען אָנגעבען די דריי ריכטונגען: לענג, ברייט און הויך. און איצטער זעהט מען זיך אַרום, אַז דאָס איז ניט גענוג, אַז צוליב אַ גרעסערער און פולער באַשטימטקייט מוז מען אויך אָנגעבען די צייט. און דאָס מיינט, אַז צו די פריערדיגע דריי ריכטונגען, אָדער מעסטונגען, מוז צוקומען אַ נייע מעסטונג, און דאָס איז די צייט. און דאָס איז, וואָס די טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט רופט אָן די „פערטע מעסטונג". די טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט אַנערקענט ניט די פראַגע וועגען צייט אַלס אַ באַזונדער באַגריף, נאָר אַנערקענט עס אַלס עטוואָס, וואָס איז ענג פאַרבונדען מיט דעם באַגריף וועגען אָרט, וועגען רוים.

דערווייל איז אונז זעהר שווער צוזאַמענצובינדען דעם באַגריף וועגען צייט און דעם באַגריף וועגען רוים אין איין באַגריף; אָבער מיט דער צייט וועלען מיר זיך צו דעם צוגעוואוינען. צוגעוואוינען זיך צו דעם געדאַנק, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, און ניט די זון אַרום דער ערד איז געווען אַ סך שווערער. מען האָט זיך אָבער צוגעוואוינט. וועט מען זיך צוגעוואוינען אויך צו דעם געדאַנק, אַז צייט און רוים זיינען איין באַגריף.

און ווייטער וועגען איינשטיינס טעאָריע — אין די קומענדיגע אַרטיקלען.

---

# חתנים

(סקיצע)

פון י. קיסין

רחל און מירעל האָבען דערטרונקען דעם טיי און האָבען זיך אויסגעצויגען אויף דער סאָפאַ. מירעל, די אינגערע, האָט איר שוועסטער ניט געזעהן אַ יאָר דריי, פון זינט זי איז אַוועקגעפאָרען שטודירען אין אַן אוניווערזיטעט אין דער וועסט, ביז מיט אַ וואָך צוריק, ווען זי איז אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, אַריינגעקומען צו רחל'ען אין צימער. רחל איז געווען פאַרטיפט אין אַן ענגלישען ראָמאַן, וואָס איז נאָר וואָס ערשינען און האָט אָנגעמאַכט אַ רושם אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַרישער וועלט. די שוועסטער איז שטיל־שטיל צוגעקומען פון הינטען, האָט איר פאַרדעקט די אויגען מיט אירע קליינע, ווייכע הענט און געזאָגט אויף ענגליש:

— טרעף ווער איך בין!

רחל האָט באַלד געטראָפען, כאָטש מירעל האָט איר אַ וואָרט ניט געשריבען וועגען איר קומען. אין איר קול האָט רחל אויך אויסגעוויזען אַ ביסעל פרעמד. מירעל האָט זיך הילכיג צעלאַכט, האָט אַרומגעכאַפּט רחל'ס קאָפּ, און די שוועסטער האָבען זיך האַרציג צעקושט.

שוין נאָך די ערשטע פראַגען און צערטליכקייטען האָט זיך מירעל ניט איינגעהאַלטען און באַמערקט איר שוועסטער:

— אָבער דו ווייסט, רחל, זינט איך געדענק דיך, זעה איך דיך אַלעמאָל איבער עפּעס אַ בוך בעלעטריסטיק. דאָרטען אין אונזער שטאָט אין רוסלאַנד פלעגסטו גאַנצע טעג אָפּליגען, קנאַקען סעמעטשקעס און לייענען . . . ווי האָט ער דאָרט געהייסען . . . קראַנדיעווסקאַיאַ, צי ווי. דאָ גיסטו דיינע נאַרישע פּיאַנאָ־לעקציעס און טוסט דיזעלביגע זאַך . . .

— נו, מירעל, איך ווייס שוין דאָס איבעריגע, — האָט רחל געזאָגט, ווערענדיג אַביסעל ערנסטער און אָפּווענדענדיג איר בליק אַן אַ זייט. — ליטעראַטור וועט אינגאַנצען פאַרשווינדען. און וויסענשאַפט וועט ענדליך פּטור ווערען פון דער געפערליכער קאָנקורענטין אויף די הערצער פון אַזעלכע נאַרעלעך, ווי דו און איך.

נו גוט, מיר וועלען נאָך האָבען גענוג וועגען וואָס צו רעדען שפּעטער. דו ביסט דאָך אַזאַ פאַרשטענדיגע, איך וועל זיך מוזען איבערצייגען.

די גאַנצע וואָך האָבען די שוועסטער מער ניט גערעדט וועגען אָט דעם ענין, וואָס מירעל האָט אין געדאַנק גערופען „אַן אָנגעווייטאָגטע פראַגע" צווישען זיי.

איצט האָט מירעל זיך צוגעטוליעט צו רחל'ען און געבעטען:

— דערצייל, רחל'ע, וואָס דו האָסט מיר נעכטען צוגעזאָגט.

— יענע נאַרישע מעשה וועגען פּייערווערק? עס איז מיר אַזוי שווער צו רעדען וועגען דעם, אָבער איך וועל דיר דאָס, ווען עס איז דערציילען, דער איינציגער דיר, כאָטש פאַרשטעהן וועסטו מיך אפשר ניט, וועסט נאָך אודאי לאַכען פון מיר.

— געוויס וועל איך לאַכען. איך ווייס דאָך גוט דיינע מעשות. אָבער דערציילען מוזטו מיר אַלץ. — ווי האָבען אַ פּאָר סעקונדען געשוויגען. מירעל האָט פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט רחל'ס קאָפּ מיט ביידע הענט און האָט געזאָגט: — הער, רחל, דו ביסט, אמת, מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר, אָבער איך האָב מער כאַראַקטער פון דיר, בין ניט קיין פאַרחלומ'טע און בין קליגער און ערפאַהרענער פון דיר . . .

— אַהאַ, מירקע, ווי קומט צו דיר אַזאַ טאָן? האָסט איס אודאי געכאַפּט ביי דיינע פּראָפעסאָרען. פרויען, זאָגט מען, נעמען אַלץ איבער ביי די מענער, אַפילו אינטאָנאַציע אין

רעדען. ווילסטו, הייסט דאס, אז איך זאל דיר אפגעבען די בכורה? האסטו זי.

— יא, און דיין לעבען אויך „אינטו דהי בארגיין", ווי די אמעריקאנער זאגען, — האט מירעל אונטערבראכען מיט א כאראקטעריסטישער מינע און אנגעבלאזען די שיין געצייכענטע פולע ליפלעך. — אבער צום אייגענעם לעבען ביסטו ניט זעהר צוגעבונדען. מיך וואונדערט נאר, וואס דו ביסט אזוי צוגעבינדען צו מיר.

— טייערע מיינע, — האט רחל געשמייכעלט. — דו קלערסט אין דער הייך, אבער דו ביסט ניט גערעכט. איך ליב דאס לעבען ניט ווייניגער ווי דו. א באווייז — מיינע דריי ראמאנען, אמת סענסאציאנעלע ראמאנען. — רחל האט זיך צערויטעלט, און אירע אויגען האבען געקוקט מיט א טיפען בליק אין דער ריכטונג פון איר שוועסטער. זיי האבען זיך ביידע אויפגעהויבען און זיינען געבליבען זיצען איינע לעבען דער אנדערער. — קיינער וועט ניט זאגען, אז דאס איז צו ווייניג פאר א מיידעל פון צוויי און צוואנציג יאר.

— ווער איז דער העלד פון יענער מעשה, וואס דו ווילסט מיר אמאל דערציילען, רחל? — האט מירעל גענומען אויספרעגען. — איז ער הויך, שלאנק, בלאנד? איז ער א שיינער?

רחל האט זיך צעלאכט.

— דער העלד פון דער מעשה האט זיך ניט גערירט פון ארט די גאנצע צייט.

— א פאראליזירטער? — האט מירעל אויסגעשריען, אויפציטערענדיג פאר שרעק. — ביי דיר קאן דאס טרעפען.

רחל האט נאך הארציגער געלאכט.

— ער איז געלעגען אין א קעסטעל דא ביי מיר אין קאמאד.

מירעל האט אויפגעשטעלט א פאר פארוואונדערטע אויגען.

— דאס איז געווען א קליינער גלאנצענדיגער רעוואלווער.

מירעל איז אזש אויפגעשפרונגען פאר שרעק. זי האט קוים ארויסגעשטאמעלט:

— ווער האט וועמען געשאסען?

— בארוהיג דיך, שוועסטער. ער האט זיך אליין דערשאסען און איז דא שוין מער ניטא. אבער זאל איך אפשר אנצינדען ליכט? איך שרעק דיך אזוי איבער, מיין ארעמע מירקעלע.

— ניין, — האט זיך מירעל אביסעל פארשעמט און זיך ווידער צוגעטוליעט צו דער שוועסטער. — מיך שרעקט מען אזוי לייכט ניט איבער; — האט זי באלד געזאגט מיט א קאמישטערענגען טאן. — און דו וועסט זעהן, איך וועל דיך א ווארט ניט פרעגען, ביז דו וועסט אליין ניט דערציילען אלץ. — זי איז אויפגעשטאנען און האט גענומען געהן היין און צוריק איבער'ן צימער.

— טייערע מיינע, איך האב דיך טאקע שטארק איבערגעשראקען. קום אהער צו מיר, איך וועל דיך דערפאר באלוינען. איך וועל דיר דערציילען · אנאנדער זאך, וואס איך האב געהאלטען אויף שפעטער, פאר א סורפריז פאר דיר. אן אמת'ע מעשה מיט א לעבעדיגען העלד. — ביי די ווערטער איז מירעל געווארען אויפגעלעבט און אויפמערקזאם און האט זיך צוגעזעצט צו רחל'ען, האט אבער ניט אונטערבראכען. רחל האט ווייטער גערעדט: — איך בין אומעטיג, ווייל איך בין קאנצענטרירטער פון דיר. פילסטו דען ניט אין מיין יעדער באוועגונג, אין יעדען ריר מיינעם, באוואוסטזיין און ווילען? און ליבע — דאס איז דאך מיין לעבען.

מירעל האט גענומען קוקען אן א זייט. רחל'ען האט זיך געדוכט, אז ביי דער שוועסטער קלאפט דאס הארץ פון אנגעשטרענגטער אויפמערזאמקייט. זי האט ווייטער גערעדט:

— אבער צייטענווייז פארפאלגט מיך אן אידעע פיקס, אט, צום ביישפיל, דער געדאנק וועגען פייערווערק. דאס פייערווערק און די אילומינאציעס ביי אונז אין דער ווייטער שטאט, אין פייערליכע טעג, אמאל, לעבען אין מיר אזוי שטארק, אז איך בענק נאך זיי און האס זיי גלייכצייטיג, בעת די שרייענדיגסטע עלעקטרישע רעקלאמען פון בראדוויי זיינען פאר מיר טויט. און מיך מאטערען אמאל אזעלכע שווערע פארגעפילען . . .

— מיר ווילען נעמען די אידעע—פיקס און זיינע פארגעפילען אין א לאבאראטאריע, — האט זיך מירעל ניט איינגעהאלטען. — מיר ווילען זיי אנאליזירען, אויסגעפינען זייערע באשטאנד־טיילען און ווילען זיך פון זיי אויסהיילען.

די עלטע שוועסטער האט איר פארשמעלט דאס מויל מיט דער האנט און האט ווייטער גערעדט:

— אין מיין נייעם העלד וועסטו זיך באלד פארליבען. —

מירעל האט אזש א פאטש געטאן מיט די הענט, איז אבער געבליבען זיצען. — ער איז איצט אין א דערבייאיגער שטאט ביי זיינע קרובים. ווען ער איז אריינגעקומען אהער אין דעם טאג, ווען דו ביסט אנגעקומען, איז אויף זיינע אקסלען געווען עפעס אזא אומגעוויינליכער פעליז. ער האט געוואגט צו געהן אין אט דעם פעליז איבער'ן גאס, נאר צוליב דעם שפאס אליין. א הויכער א שלאנקער, — דיין אידעאל, מירקע, — מיט דער אביסעל פארריסענער, ניט־אידישער נאז און מיט דעם זוייטען, אומבאשטימטען בליק פון די גרויסע גרויע אויגען, האט ער אויסגעזעהן, ווי א דעמאן אדער עפעס א טרויעריגער דאן־זשואן פון א ראמאנטישער פאעמע. דו וועסט אים שוין זעהן...

— ווי הייסט ער?

— זיין נאמען איז דאס איינציגע, וואס מיר געפעלט ניט אין אים. הערמאן שולמאן. ער וועט מוזען ענדערען דעם נאמען, איך קאן אים דאך ניט רופען הערמאן. נו, שוין בארוהיגט זיך, מיין קעצעלע?

— א מער ווי בארוהיגט, — האט מירעל געזאגט און געלייגט איר קאפ אויף דער שוועסטערס אקסעל.

— וועסטו אפשר נעמען די נארישע ליבע אויך אין א לאבאראטאריע? — מירעל האט אביסעל צעמישט פארבארגען איר געזיכט אויף דער שוועסטערס ברוסט. רחל האט אויף איר געווארפען א פארשענדיגען בליק און מיט ליבע געגלעט איר קאפ. פלוצלונג האט זי זיך דערמאנט א ווערטעל און האט געזאגט: — מירקע, גיב לשון!

ביידע האבען זיך צעלאכט. מירעל האט אנגעצונדען ליכט, א שפרונג געטאן צום קאמאד, געכאפט איר ריצקול, ארויסגענומען פון דארטען א קליינעם מעדאליאן און דאס מיט א שפרונג צוריק געבראכט צו רחל'ען. רחל האט מיט צופרידענהייט באטראכט דאס געזונטע און אפענע געזיכט פון א גאנץ שיינעם יונגענמאן. — דאס איז מ י י ן סורפריז, — האט מירעל אויסגערופען מיט טריאומף.

— ווי הייסט ער?

— הערריי יעגער.

—אן אמעריקאנער דייטש?

— ניין, גראד א איד מיט א דייטשען נאמען. — מירעל האט גענומען האסטיג דערציילען. ער איז א מאשיניסט, קאן גוט טאן אויך אנדערע ארבייטען, אן אויטא־דידאקט, ניט לאנג צוריק האט ער זיך אין א פאר מאנאטען אויסגעלערנט שפאניש. זיין אמביציע איז צו ווערען א רעדנער און שרייבער. ער האט זיינע אייגענע גוט דורכגעטראכטע טעאריען וועגען ארבייטער־סינדיקאטען, ער האט זיי שטודירט אין פראנקרייך און איטאליען. ער האט ליב ארומצופארען און זעהן די וועלט. אבער ער דארף שוין דא באלד זיין. — זי האט א קוק געטאן אויפ'ן זייגערל, וואס איז געלעגען אויפ'ן טיש. — ער איז זעהר פינקטליך.

צוויי פאר לאנגע, אנטבלויזטע הענט האבען זיך פלינק פארווארפען ארויף צו די האר. אין א פאר מינוט ארום איז הערריי יעגער געשטאנען אין צימער, האט ווארעם געדריקט די האנט דער נאר־וואס פארגעשטעלטער רחל'ען. ביידע זיינען געפעלען געווארען איינס דעם אנדערן פון דעם ערשטען לאנגען, פריינדליכען בליק. מירעל האט אומגעטאנצט, פון קאמאד צום טיש, פון טיש צום פיאנא. דער איין גרויסער צימער, וואס רחל האט פארנומען, איז געווען צו ענג פאר איר. איר האט זיך געוואלט זינגען, שרייען, לאכען, טומלען. רחל האט געקוקט אויף איר, אויף יעגערן און האט געשמייכעלט. דער שיינענדיגער פנים פון יעגערן האט נאך מער זיך צעלויכטען, ווען ער האט דערזעהן און דערפילט רחל'ען, זיין מירעלס שוועסטער. ער איז קיינמאל ניט געווען אזוי גליקליך און אזוי איבערמענשליך רוהיג. ער האט גערן גערעדט וועגען זיך, וועגען דער ווייטער שטאט, פון וואנען ער איז געקומען מיט מירלען, און וועגען מירלען.

— ליבע שוועסטער, — האט ער זיך מיט אמאל געווענדט צו רחל'ען, — איך וויל אייך זאגען עפעס וועגען אונז מיט מירלען און וועגען אייך.

— זאג איר „דו", — האט מירעל זיך אריינגעמישט. יעגער האט אויף איר א מאך געטאן מיט דער האנט.

— גלייך פון ערשטען בליק אויף אייך, — האט ער ווייטער גערעדט, — האב איך אייך ליב באקומען און דערפילט צו אייך דעם גרעסטען צוטרוי. איך אליין בין וואס מען רופט א „סעלף מייד מען" . . .

— זייט איר דען רייך? — האט רחל געפרעגט מיט א שמייכעל.

— ניין, איך וועל דאָס קיינמאָל ניט זיין. איך גלויב אין אַרבייט.

— מיר אַלע גלויבען אין דעם, — האָט רחל געזאָגט.

— אָבער איך גלויב אין מיין ערפאָלג. איך האָב גענוג געזעהן די וועלט און מענשען. מיין איינציגער פאַרלאַנג איצט איז צו זיין מיט אייך צוזאַמען און אַרבייטען. איר מוזט פאָרען מיט אונז. ביי אונז וועט די גאַנצע שטאָט זיך באַלד פאַרליבען אין אייך. מיר האָבען דאָס מיט מירלען געפּלאַנט די גאַנצע צייט.

רחל האָט אים געדריקט די האַנט און געזאָגט:

— העררי יעגער, איר זייט מיר אויך באַלד געפעלען געוואָרען, און איך בין גליקליך, וואָס מירעל האָט אייך געפונען. וואָס אַנבאַטרעפט מיך, איז אייער פאָרשלאַג געקומען אַביסעל צו שפּעט. — זי האָט זיך צעלאַכט. — איך בין שוין פאַרזאָרגט. און איצט, — האָט זי צוגעגעבען אויפשטעהענדיג, — לאָמיר אַרויסגעהן אַביסעל אין גאַס. אין דרויסען איז דאָך פרילינג. די לופט איז זיס, ווי פּאַטאָקע. מיר וועלען הערען די לידער אָן ווערטער פון פאַרליבטע קעץ. פון אַן אָפענעם פענסטער וועט אַ פאַרבענקטע מיידעל זינגען מיט געפיל שוּבערטס סערענאַדע. קומט!

די דריי זיינען לאַכענדיג אַרויסגעגאַנגען. אויפ'ן שוועל האָט מירעל זיך אַרומגעקוקט אין צימער און געזאָגט צו דער שוועסטער:

— איצט וועלען מיר שוין זיין צוזאַמען, ראָכקע.

— און קיינמאָל זיך ניט צעשיידען, ווי מען זאָגט אין טעאַטער.

— יאָ, ווי אין טעאַטער, — האָט מירעל באַלד באַשטעטיגט.

# פּערספּעקטיוון

פון יעקב לעווין

.2

דער צווייטער ניט ווייניגער וויכטיגער טייל פון דער אַרבייט פון דעם נאַציאָנאַלען בילדונגס־קאָמיטעט איז די ערציהונג פון דעם נייעם אונטערוואַקסענדען דור.

יעדער מענש נעמט זעהר פיל איבער פון די פריערדיגע דורות, פון דער פאַרגאַנגענהייט; ער לעבט אין דער געגענוואַרט; אָבער יעדער ציוויליזירטער מענש קלערט אויך וועגען דער צוקונפט, פאַרזיכערט זיך אויף דער צוקונפט. אייגענטליך איז די גרונד־טעטיגקייט פונ'ם אַרבייטער־רינג, די פאַרזיכערונג אויפ'ן פאַל פון טויט — דער בעסטער באַווייז, אַז מיט איין אויג קוקט ער שטענדיג אין דער צוקונפט. נאָך ריכטיגער איז דאָס בנוגע אידעאַליסטען. זיי ווייסען, אַז אַ היבש ביסעל פון דעם, צו וואָס זיי שטרעבען, וועט גיכער ווי אַלין פאַרווירקליכט ווערען ערשט אין דער צוקונפט, פיליכט ערשט דאַן, ווען זיי וועלען שוין אַליין ניט זיין צווישען די לעבעדיגע. דאָך האַלט דאָס זיי ניט אָפּ פון זייער אַרבייט און פון זייער קאַמף, ווייל ביי זיי איז די צוקונפט אפשר נאָך וויכטיגער — ווייל זי איז שענער און בעסער — ווי די געגענוואַרט. און פונקט אַזוי, ווי מענשען זאַמלען געלט, וויסענדיג, אַז זיי זאַמלען עס פאַקטיש ניט פאַר זיך, נאָר פאַר זייערע קינדער, אַזוי גרייטען אַלע קעמפער צו אַ בעסערע אָרדענונג פאַר זייערע קינדער.

און נאָך אַ גרעסערע טרייסט זיינען אונז אונזערע קינדער, ווייל מיר ווייסען, אַז אויב אונז וועט זיך ניט איינגעבען צו דערגרייכען עטוואָס, וועלען זיי שוין דאָס דערגרייכען, ווייל זיי וועלען פאָרזעצען אונזער קאַמף. אָבער אויף אונז ליגט דער חוב צו זעהן, אַז אונזערע קינדער זאָלען טאַקע קאָנען פאָרזעצען אונזער קאַמף; אַז זיי זאָלען ניט זיין הינטערשטעליג אין פאַרגלייך מיט אונז סיי אין אנטוויקלונג, סיי אין וויסען, סיי אין אידעאַליזם, סיי אין ווילינגקייט און גרייטקייט צו קעמפען פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

דער אַרבייטער־רינג האָט דאָס פאַרשטאַנען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען מען זאָל לאָזען די ערציהונג פון אונזערע קינדער אויסשליסליך אין די הענט פון זייערע איצטיגע אַפּיציעלע ערציהער, וועט דאָס זיין אַ פאַרראַט געגען אונז אַליין און אונזערע אידעאַלען און אויך געגען די קינדער אונזערע גופא. און ער האָט אַנגעהויבען צו גרינדען אייגענע שולען, וואָס זאָלען דערגענצען די אָפּיציעלע סקולס און זיי ווידערשטעהן; שולען, וואו אונזערע קינדער זאָלען ווערען צוגעבונדען צו דער סביבה פון זייערע אידישע אַרבייטער־עלטערן, וואו זיי זאָלען איבערנעמען די קולטור און די בעסטע אידעאַלען פון דעם אידישען אַרבייטער־קלאַס און וואו זיי זאָלען ממילא ווערען די פאָרזעצער פון אונזערע בעסטע טראַדיציעס פון אידעאַליזם און קאַמף פאַר פרייהייט.

אָבער האָט דער אַרבייטער־רינג געזאָגט אַלף, מוז ער אויך זאָגען בית, גימל א. א. וו. דער אַרב. רינג גרינדעט דאָך שולען ניט צוליב באַרוהיגען דעם געוויסען, אַזוי אַז ער זאָל קאָנען זאָגען: אַט האָבען מיר שוין אַ פיר צענדליג שולען געגרינדעט און יוצא. ער טוט דאָס צוליב אַ העכערן ציל, צוליב אַ בעסערער ערציהונג פון אונזערע קינדער. און אויב אַזוי, זיינען 40 שולען ניט מער ווי אַ טראָפּען אין ים. אין אַלע די 40 שולען לערנען אָן ערך 4000 קינדער, און די 80 טויזענט מיטגלידער פון אַרב. רינג, דאַרף מען אָננעמען, האָבען אַ פיל גרעסערע צאָל קינדער פון שול־עלטער. עס וועט ניט זיין איבערטריבען, ווען מיר וועלען אָננעמען, אַז זייער צאָל דערגרייכט אויך באַלד ביז 80 טויזענט. און וואו זיינען די קינדער פון אַלע אַנדערע אידישע אַרבייטער? שטרעבט דען ניט דער אַרבייטער־רינג אָט די אַלע אַרבייטער אריינצונעמען אין זיינע רייען? אויב אַזוי, דאַרף ער אויך ניט פאַרגעסען אָן זייערע קינדער. יעדעס קינד איז אַ צוקונפטיגער פּאָטענציעלער טאַלאַנט און קעמפער. און אויב מיר פאַרנאַכלעסיגען צו אַנטוויקלען אים, עס זאָל דאָס ווערען, פאַלט די שולד אויף אונז.

איצט זיינען פאַראַן אַרבייטער־רינג שולען בלויז אין אַ באַגרעניצטער צאָל שטעט, און אין די גרעסערע שטעט — בלויז אין זעהר אַ קליינער צאָל פּלעצער. די קינדער קומט אויס צו געהן אין שול פון זעהר ווייט. אויב אָבער דער אַרב. רינג קען האָבען כמעט אַ זעקס מיט אַ האַלב הונדערט ברענטשעס, כמעט אין יעדער שטאָט און שטעטעלע אין די שטאַטען, קאָן ער זיך פאַרגינען צו האָבען ניט ווייניגער שולען, אין ניט ווייניגער פּלעצער, און געבען אַ מעגליכקייט זיינע מיטגלידער און די אידישע אַרבייטער בכלל צו האָבען אַ אידישע אַרבייטער־שול נאָענט צו זיך. איצט שיקען נאָך אַ סך מיטגלידער פון א. ר. זייערע קינדער אין די תלמוד־תורות, וואו מען פאַרקריפּעלט זיי גייסטיג, ווייל די אידישע א. ר. שול איז צו ווייט פון זיי. כל זמן די אַרב. רינג שול וועט ניט אַרויסשטויסען אינגאַנצען די תלמוד־תורה פון די אידישע אַרבייטער־רייען, וועט נאָך דער א. ר. האָבען אַרבייט ביי דער עקסטענסיווער אויסברייטונג פון זיינע שולען.

עס דאַרף אויך איינגעשטעלט ווערען אַ געהעריגער קאָנטראָל איבער די א. ר. שולען, כדי זיי זאָלען ווירקליך זיין דאָס, וואָס זיי דאַרפען זיין — פרייע אידישע, וועלטליכע אַרבייטער־שולען, וואו דער גייסט און די לימודים זיינען אין הסכם מיט דעם, וואָס די צוזאַמענפאָרען פון די א. ר. שולען באַשטימען. אָן דעם וועלען די שולען זיין אָנגעוויזען בלויז אויפ'ן גוטען ווילען פון די באַזונדערע לערער, און אַנשטאָט איין טיפּ שולען אינ'ם א. ר. וועלען מיר האָבען עטליכע, און עס וועלען קאָנען זיין שולען, וואו מען וועט אויפ'ן חשבון פונ'ם אַרב. רינגס נאָמען געבען די קינדער ווייט ניט קיין ווינשענסווערטע גייסטיגע שפּייז. דאָס מוז אויסגעמיטען ווערען.

אָבער די עלעמענטאַרע אידישע שול איז נאָר ניט קיין גענוגענדער ענטפער אויף דער גאַנצער ערציהונגס פּראָבלעם פון דעם אידישען אַרבייטער. עס איז נאָך ניט גענוג באַקאַנט צו מאַכען אַלע קינדער פון די אידישע אַרבייטער מיט דעם אַלף־בית פון דער אידישער אַרבייטער־קולטור. אַ סך פון די קינדער קענען זיך ניט און דאַרפען זיך ניט באַנוגענען מיט'ן

ילף־בית. ניט אַלע קענען נאָך היינט צו טאָג אויסוואַקסען
ינטעליגענטען; אָבער די אַרבייטער־מאַסען נייטיגען זיך אין
ן אינטעליגענץ. די עלעמענטאַרע שול קאָן קיין אינטעליגענטען,
פילו קיין האַלבע אינטעליגענטען, ניט צושטעלען. אויף דעם
יינען נייטיג שולען מיטעלע און העכערע, וואו די קינדער זאָ־
ען קאָנען פאָרזעצען זייער לערנען און צוגרייטען זיך, זיי זאָלען
יין אימשטאַנד שפּעטער צו לערנען מיט אַנדערע און בכלל טאָן
ינטעליגענטע אַרבייט אויף דער אידישער אַרבייטער־גאַס.

אויף דער אידישער אַרבייטער־גאַס זיינען נייטיג אינטע־
יגענטע אידישע אָפיס־אַרבייטער, טוער אין יוניאָנס, לערער
עקטאָרס א. ד. ג. פון די אַלגעמיינע הייסקולס און אפילו
אַלערזישעס קאָנען אַזוינע טוער ניט קומען, ווייל זיי ווערען
אַרט מער אָפּגעריסען פון'ם אידישען אַרבייטער־לעבען, און
לענפאַלס זיינען זיי מיט אים גאָרניט באַקאַנט. עס זיינען
ייטיג טוער, וואָס זאָלען מיט דעם לעבען פון די אידישע אַר־
ייטער, מיט זייערע נויטען און זייערע קולטורעלע באַדערפע־
ישען זיין דורך און דורך באַקאַנט. אַזוינע טוער קאָנען קומען
לויז פון ספּעציעלע אידישע אַרבייטער־שולען. און פונקט ווי
ער א. ר. האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו בנוגע דער
לעמענטאַרער ערציהונג אויף דער אידישער א. ר. גאַס, אַזוי
אַרף ער אויך נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו בנוגע מיטעלער
און העכערער בילדונג.

אן אינטעליגענטער טוער אויף דער אידישער אַרבייטער־
אַס דאַרף ניט נאָר זיין גוט באַקאַנט מיט דער אידישער שפּראַך,
יטעראַטור און געשיכטע, נאָר מוז אויך גוט קענען פּאָליטישע
קאָנאָמיע, די געשיכטע פון דער אידישער און אַלגעמיינער אַר־
ייטער־באַוועגונג און די געשיכטע פון סאָציאַליזם. און דאָס
אַלץ ניט אויבערפלעכליך, געגאַשט פון דעם אָדער יענעם פּאָ־
ולאַריזירטען אַרטיקל, נאָר טאַקע סיסטעמאַטיש דורכגעגאַנגען,
וט דורכגעלערנט און באַנומען. די עלעמענטאַרע שול קאָן דאָס
יט געבען. אויף דעם איז נייטיג אַ מיטעל־שול.

היינטיגס יאָר פאַרענדיגען די עלעמענטאַרע א. ר. שולען
א ריי שילער אין ניו־יאָרק און, דוכט מיר, אויך אין שיקאַגאָ.
איבער־אַ־יאָר וועלען אין די שולען ענדיגען זעהר פיל קינדער סיי
אין ניו־יאָרק, סיי אין שיקאַגאָ, סיי אין פילאַדעלפיע. אַ סך
ון די קינדער, וועלכע ענדיגען די שול, זיינען גרייט און וויליג
ו לערנען ווייטער. און דער אַרבייטער־רינג דאַרף זעהן שוין
יי־יאָר לייגען דעם פונדאַמענט פון אַ מיטעל־שול אין ניו־יאָרק
און אויף אַזאַ אופן צוגרייטען דעם באָדען פאַר מיטעל־שולען
אין שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע און אַנדערע גרעסערע אידישע אַר־
ייטער־צענטרען. די גרייטקייט פון אונזערע קינדער צו לערנען
י אידישע אַרבייטער־קולטור און דעם סאָציאַליזם טאָר בשום
אופן ניט געהן לאיבוד. יעדעס קינד, ריכטיגער — יעדער
חור אָדער מיידעל, וואָס וועט דורכגעהן אַן אַרבייטער־רינג
יטעל־שול, איז נאָך אַן אינטעליגענטער קראַפט אויף דער
אידישער אַרבייטער־גאַס, אַ קוואַל פון ליכט און וויסען צווישען
י אידישע אַרבייטער־מאַסען.

די מיטעל־שולען וועלען אויך דינען אויף אויסצובילדען
עהילפס־לערער פאַר די עלעמענטאַרע א. ר. שולען. און טאַקע
וליב דעם דאַרפען די מיטעלע שולען אַלע מאָל זיין פאַרבונדען
ויט אַן עלעמענטאַרער שול.

די פראַגע פון לערער פאַר די א. ר. שולען איז די גאַנצע
ייט געווען זעהר אַ שווערע. עס האָבען אַלע מאָל אויסגעפעלט
ערער און באַזונדערס גוטע — קענענדע און ערפאַרענע לערער.
ן וואָס גרעסער עס וועט זיין די צאָל שולען פון א. ר., און
וואָס מער די שולען וועלען זיך אַנטוויקלען, אַלץ שאַרפער וועט
י פראַגע ווערען. די לערער, וואָס קומען פון אויף יענער זייט
ם, זיינען צו באַדויערן גאַנץ זעלטען פעהיג גלייך אַריינצוקומען
ו אונז אין אַ שול. און די צאָל פון אַזעלכע לערער איז אויך
יט גרויס.

דער א. ר. האָט געמאַכט אַ פּראָבע אַליין צוצוגרייטען
ערער און האָט צוליב דעם צוועק געגרינדעט א. ר. לערער־
ורסען. די קורסען זיינען ניט געווען קיין גרויסער ערפאָלג.
י זיינען אָבער אויך ניט געווען קיין דורכפאַל; זיי האָבען
רויסגעגעבען עטליכע לערער פאַר אַנדערע שולען און דערביי
אַנץ גוטע לערער. אַלס ערשטער פּראָווו איז דאָס געווען גאָר
יט שלעכט. און וואָלט דער בילדונגס־קאָמיטעט פון א.ר. דאָס
יאָר פאָרטגעזעצט די אַרבייט אויף אַ גרעסערן מאַסשטאַב, וואָל־
טען די א. ר. לערער־קורסען מיט דער צייט געוואָרען אַ וויכ־
טיגע אינסטיטוציע אינ'ם אַרב. רינג, וואָס וואָלט געוואָרען אַ
קוואַל פאַר נייע און אויך גוטע לערער.

האָט מען אָבער הייאָר קיין לערער־קורסען ניט געגרינדעט
און די גאַנצע אַרבייט איז איבערגעריסען געוואָרען. דער ביל־
דונגס־קאָמיטעט איז דערווייל אַריין אין פאַרבינדונגען מיט
דעם עקזיסטירענדען לערער־סעמינאַר, פון וועלכע די א. ר.
שולען האָבען אויך גענומען אַ פּאָר לערער. די באַציהונגען
מיט'ן סעמינאַר זיינען אָבער אויך ניט קיין קלאָרע. צי איז
דער בילד.־קאָמיטעט צופרידען מיט דעם סעמינאַר, ווי ער איז
איצט — מיט זיין פּראָגראַם, מיט דעם גייסט, וואָס הערשט אין
אים, צי ניט? דאָס איז ניט באַוואוסט: דער בילד.־קאָמיטעט
האָט וועגען דעם זיך עפענטליך ניט אַרויסגעזאָגט. די עקזע־
קוטיווע פון א. ר. אַלס גאַנצע האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען
יעדער פאַרבינדונג מיט'ן סעמינאַר. די גאַנצע לאַגע איז אַלזאָ
פאַרפּלאָנטערט, און דער נעקסטער א. ר. שולען־צוזאַמענפאָר
און די נעקסטע קאָנווענשאָן פון א. ר. וועלען דעם פּלאָנטער
דאַרפען צעבינדען.

איין זאַך מוז אָבער זיין קלאָר פאַר אַלע די, וואָס זיינען
פאַראינטערעסירט אין דער בילדונגס־טעטיגקייט און ערציהונגס־
טעטיגקייט פון א. ר. עס מוז עקזיסטירען אַ העכערער
אידישער לער־אַנשטאַלט, וואו די וואָס האָבען מיטעלע בילדונג,
זאָלען זיך קענען פאַרפאָלקאָמען און ווערען לערער און טוער
אויף דער אידישער אַרבייטער־גאַס. די מיטעל־שולען וועלען
צוגרייטען געהילפס־טוער; זיי וועלען צושטעלען דעם מאַטע־
ריאַל פאַר אַ העכערער שול. אָבער פאַרפאָלקאָמען די בילדונג
קאָן בלויז אַ הויך־שול מיט אַ צוויי־יעריגען אָדער אפשר נאָך
אַ ביסעל אַ לענגערען קורס.

דער איד. לערער־סעמינאַר איז שוין איצט כמעט אַזאַ הויך־
שול, הגם בלויז אַן איינזייטיג־לערערישער און מיט דער צייט
קאָן ער ווערען אַן אַלזייטיגע הויך־שול. די פראַגע, וועלכע
דאַרף שטעהן ביי די א. ר. שול־טוער איז — צי איז דער סע־
מינאַר לויט זיין איצטיגער פּראָגראַם און גייסט די
אינסטיטוציע, וועלכער מען קאָן פאָלשטענדיג אַנטרויען די
אויסבילדונג פון אונזערע לערער און טוער און אַ באַזונדערע
ענליכע א. ר. אינסטיטוציע איז דעריבער איבעריג; אָדער מען
קאָן עס אים נאָך ניט אַנטרויען, און דער א. ר. דאַרף דעריבער
אָדער וויהקען אויפ'ן סעמינאַר, ער זאָל זיין גייסט און זיין פּראָ־
גראַם בייטען, אָדער שאַפען אַן אייגענע הויך־שול, וואָס זאָל
שטעהן אַקאַדעמיש אויף אַ געהעריגער הויך און וואָס זאָל זיין
צוגעפּאַסטער צו די באַדערפעניש פון די אידישע אַרבייטער
און פון די אידישע א. ר. שולען.

אַלזאָ עלעמענטאַרע א. ר. שולען אומעטום, וואו עס איז
נאָר פאַראַן אַן א. ר. בראַנטש און וואו עס זיינען פאַראַן אידי־
שע אַרבייטער; מיטעלע שולען אין די גרעסערע צענטרען און
אויב נייטיג — אַ הויך־שול אין ניו־יאָרק (אָדער, ווען עס וועט
מעגליך זיין צו ווירקען אויפ'ן סעמינאַר — ווערען אַן אַקטי־
ווער שותף צו אים) — דאָס דאַרף זיין די פּראָגראַם פון טע־
טיגקייט פון א. ר. אויפ'ן געביט פון קינדער־ערציהונג און פון
אויסבילדען לערער און אַנדערע אינטעליגענטע טוער פאַר דער
אידישער אַרבייטער־גאַס.

די דאָזיגע טעטיגקייט וועט פאָדערן פון א. ר. גרעסערע
מאַטעריעלע מיטלען. די מיטגלידער פון א. ר. וועלען מוזען
אויפגעפאָדערט ווערען בייצוטראָגען זייער טייל. אָבער זיי
האָבען שוין עטליכע מאָל באַוויזען, אַז זיי זיינען מער ווי וויליג
בייצושטייערן פאַר אָט דעם אמת גרויסען צוועק. זיי האָבען
נאָך קיינמאָל ניט אָנטזאָגט צו געבען פאַר דעם צוועק און האָבען
אַלעמאָל געגעבען די גרעסטע סומע, וואָס מען האָט זיי פאָר־
געשלאָגען.

„איידעלקייט פאַרפליכטעט“ — דער אַרבייטער־רינג איז
גרויס און ער דאַרף אויפטאָן גרויסעס אויף יעדען געביט פון
טעטיגקייט, וואָס ער נעמט אונטער. און באַזונדערס, ווען ער
איז פאַקטיש די אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז לויט איר עצם באַ־
רופען די דאָזיגע גרויסע און וויכטיגע אַרבייט דורכצופירען,
און די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז בכח דאָס דורכצו־
פירען.

# אַ געלונגענער עקספּערימענט

פון ה. גראַף

צו שאַפען אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין די רייען פון די ארבייטער־רינג מיטגלידער איז פיליכט ניט קיין גאַנץ נייער געדאַנק, ווייל שוין די ערשטע קאָנסטיטוציע פון אַ. ר. האָט אריינגענומען קאָאָפּעראַציע אַלס איינע פון אירע אויפגאַבען, דאָך צו מאַכען דעם ערשטען עקספּערימענט — אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג אונטער׳ן ארבייטער־רינג נאָמען — האָט מען געמוזט וואַרטען אַ פּאָר צענדליג יאָר.

איינינע אומגעלונגענע, קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אויף דער אידישער גאַס, אין וועלכע אַ גאַנץ אומבאַדייטענדע צאָל אַ. ר. מיטגלידער האָבען גענומען אַן אנטייל, האָבען געבראַכט אַ „שטימונג“ אין געוויסע ברענטשעס, אַז קאָאָפּעראַציע איז אַ דורכפאַל. עס האָבען ניט געהאָלפען טענות: אַז נאָך אַלעמען, איז די סומע, וואָס מען האָט פארלאָרען אין קאָאָפּעראַטיוועו, אַ נול געגען די סומען, וואָס מען האָט פארלאָרען איידער מען האָט אויפגעבויט די אידישע יוניאָנס. אַז די דורכפאַלען פון די אידישע יוניאָנס זיינען אין די ערשטע יאָרען געווען אומגעהייער גרויס, דאָך האָט מען זיך ניט אָפּגעשטעלט צו בויען. דאָס זעלבע איז דאָך אויך מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און קיינער פון אונזערע ברענטשעס וועט דאָך ניט וואַגען צו באַהויפּטען, אַז מיר דאַרפען מער ניט העלפען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אָדער געוויסע יוניאָנס, וועלכע זיינען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט ערפאָלגרייך.

עס איז מערקווירדיג, אַז אַלע „קאַלטע“ ברענטשעס צו דער קאָאָפּער. באַוועגונג האָבען גאָרניט אויסצוזעצען געגען אידעאַל פון קאָאָפּעראַציע. די ברענטשעס, וועלכע האָבען באַשלאָסען ניט צו נעמען אַן אנטייל אין דער „ארבייטער־רינג קאָאָפּעראַטיווע“, האָבען אַלע אָנגעגעבען אַלס אורזאַך: אַז מען האָט שוין אַמאָל פּרובירט און עס איז געווען אַ דורכפאַל.

אָבער די וועלט באַוועגט זיך דאָך. עס האָבען זיך דאָך געפונען אריבער 100 ברענטשעס אין ניו־יאָרק, צו „ריזיקירען“ 50 דאָלאַר יעדער, אויף צו מאַכען אַ נייעם קאָאָפּעראַטיווען עקספּערימענט. עס האָבען זיך אויך געפונען איינינע ברענטשעס, וואָס האָבען „איינגעשטעלט“ מער געלט ווי אַלע אַ. ר. מיטגלידער צוזאַמענגענומען האָבען ווען עס איז פארלאָרען אין קאָאָפּעראַטיווע שערס פאר די לעצטע פּאָר צענדליג יאָר. . . . אַ דאַנק די דאָזיגע ברענטשעס איז דער עקספּערימענט געמאַכט געוואָרען. אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי אונטער׳ן אַ. ר. נאָמען עקזיסטירט, פונקציאָנירט און לעבט, מיט אַן אייגענער בילדינג, מיט אַ דעליוועריי א. א. וו. בלויז 4 מאָנאַטען ווי מיר טוען ביזנעס און מיר וואַקסען פון טאָג צו טאָג. עס איז גרויסע נאָכפראַגע אויף די „ארבייטער־רינג געבעקס“. פאַר וואָס? מיר פארקויפען ניט ביליגער ווי דער מארקעט־פּרייז: דער ענטפער איז איינפאַך: מיר גיבען קוואַליטי, ווייל מי זיינען דאָך ניט אריין אין ביזנעס צו פּראָפיטירען. אָבע אַביסעל פּראָפיט מאַכען מיר שוין אויך. דאָס וועלען מיר גע ווים ניט אריינלייגען צו וועמען עס איז אין אַ פּריוואַטע פּאַקעט . . . דאָס וועט באַלאַנגען צו די אַ. ר. מיטגלידער שערהאָלדערס און קאָנסומערס.

אונזער עקספּערימענט איז אַזוי רייך מיט ערפאַרונג (געוואַלד, אידען, וואָס טוט מען מיט אונזער רעדאַקטאָר—וואָ רק עס סטייעט אים ניט קיין פּלאַץ אין „פריינד“? ראַטעווע מיר פון זיין גרויזאַמער שער, וואָס איז גרייט צו שניידען רחמנות . . .), אַז מיר וואָלטען געוואָלט זיך טיילען מיט אי וועגען אַלץ, וואָס מיר האָבען געלערנט. (...אַנכע פון אייך וועל איצט טראַכטען: געבענשט זאָלען זיין די הענט פון רעדאַ מאָר . . .). קורץ, אונזער עקספּערימענט איז אַ געלונגענע מיר זיינען יעצט באַוואָפענט מיט לעבעדיגע פאַקטען און צ פערן, אַז מען קאָן מאַכען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען ע פאָלגרייך אויך ביי אידישע ארבייטער, אויב זיי באַזיצען דע ווילען און אידעאַליזם דאָס צו טאָן.

יעצט איז די פראַגע: וועט איר אונז לאָזען אין דע שטופע פון עקספּערימענט (מיט בלויז 3 אויוועגס און אָן די נייטיגע פּולען סעט מאַשינעריע און אנדערע איינריכטונג אין אונזער בילדינג, ווי צ. ב. ש. אַ נייעם עלעוויטאָר א. א. וו. אָדער אַלע ברענטשעס וועלען צולייגען אַ האַנט און אונז הע פען שאַפען דעם נייטיגען קאַפּיטאַל, מיט וועלכען מיר וועל קענען ברענגען דעם פאָלשטענדיגען ערפאָלג פון דער ערשט אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג און מאַכען פאָרבערי טונגען פאַר נייע אונטערנעמונגען?

אריבער 125 ברענטשעס זיינען ביז יעצט אָנגעשלאָסע עס זיינען דאָך אָבער פאַראַן נאָך אַזאַ צאָל אין ניו־יאָרק אַלי וועלכע האָבען געפונען פאַר נייטיג צו וואַרטען ביז איבער דע ערשטען עקספּערימענט. די דאָזיגע ברענטשעס מוזען גלי האַנדלען. אויך די שוין אָנגעשלאָסענע ברענטשעס דאַרפ עטוואָס טאָן צו ווירקען, אַז זייערע מיטגלידער זאָלען ווער שערהאָלדערס. בלויז אויף דעם וועג וועלען מיר קענען פ ווירקליכען די צילען און אויפגאַבען, וואָס מיר האָבען ז געשטעלט.

# איינזאַמקייט

פון מלך ראַוויטש

כ׳האָב אָנגעהויבען מיט הונדערט פרעמדע געזאַנגען,
און שטום געבליבען אין מיטען;
אַזוי ווי כ׳בין הונדערט פרעמדע וועגען געגאַנגען,
און אַלע צום סוף געמיטען,
וועל איך מיר זוכען אייגענע וועגען.

און ווייל איך האָב הונדערט טויזענדע וועגען,
מיט אַלע פיינען תמיד ניי באַטרעטען,
און צו הונדערט נשמות מיר צוגעבונדען,
און נישט קיין מיטגעהער געפונען,
וועל איך אַליין געהן דעם ליכט אַקעגען.

# דער קורס פון דער נייער אדמיניסטראציע

פון בערטא פיסאר

ווילסאָנ׳ס אדמיניסטראציע האָט זיך דעם לעצטען יאָר אזוי איינגעגעסען אלעמען אין די ביינער, אז אלע האָבען געוואָרט פון איר פטור צו ווערען — אָבער טאַקע אלע רעאַקציאָנערען, ליבעראַלען און ראַדיקאַלען.

דאָס אומקערען פון די אייזענבאַנען צו דעם פּאָלק׳ס עקספּלואַטאַטאָרען איז געווען די ערשטע גרויסע אנטוישונג. קיינער איז ניט געווען אזוי נאַאיוו צו דענקען, אז מ׳וועט די אייזענבאַנען קאָנפיסקירען. מ׳האָט ערוואַרטעט, אז מ׳זאָל די אייזענבאַן־מאַגנאַטען זערענטלאָך באַפרידיגען. אויפ׳ן ערגסטען אופן, האָט מען געגלויבט, וועט אָנגענומען ווערען דער „פּלאָמב פּלען", לויט וועלכען די אייזענבאַנען וואָלטען פאַרוואַלטעט געוואָרען פון א געמישטער פאַרוואַלטונג, פון פאַרשטעהער פון די בעלי־בתים, ארבייטער און „פּאָלק".

מיטשעל פּאַלמער׳ס ווילדע, אונזיניגע „אָבלאַוועס" אויף די „רויטע" און דאָס ארויסשיקען פון לאַנד מאַסען ראַדיקאַלע ארבייטער און אינטעליגענטען, א פאַקט וואָס וועט פאַרבלייבען אלס אן אויביגער שאַנד־פלעק אויף דעם אמעריקאַנעם פּאָלק; בוירלסאָנ׳ס שווערע לאַפּע אויף דער ראַדיקאַלער פּרעסע, זאָגאַר נאָכדעם ווי די מלחמה האָט זיך געענדיגט; די שטעלונג צו סאָוועטען־רוסלאַנד, וועלכע איז געווען אין פולען געגענזאַץ צו די בעסטע אמעריקאַנער טראַדיציעס; דאָס פאַנאַטישע גלויבען אין דער „פעלקער־ליגע" אין דער צייט, וואָס זאָגאַר בלינדע האָבען געזעהן, אז דאָס איז א טויט־געבאָרענע קינד — דאָס אלעס האָט געמאַכט דער ווילסאָן אדמיניסטראציע אזוי לעכערליך און פאַרהאַסט, אז יעדער איינער האָט געטראַכט: זאָל זיין וואָס עס וויל אבי עס זאָל שוין קומען אן ענדערונג. זאָל שוין נעמען אן ענדע צו אן אדמיניסטראציע, וועלכע איז פול מיט ווילדע ווידערשפּרעכונגען!

ביז דער לעצטער מינוט האָט געוואָרט פאַר ווילסאָנען א געלעגענהייט, דער „טשענס פון זיין לעבען", צו מאַכען גוט, כאָטש אין א קליינער מאָס, דעם גלויבען אין אים פון אזוי פיל ליבעראַלע מענשען. קיינער האָט ניט געגלויבט, אז גאָט וועט אים שטראָפען אזוי שווער, אז ער זאָל פאַרזעהן אויך אָט די געלעגענהייט.

ווילסאָן האָט דיזע געלעגענהייט נ י ט אויסגענוצט. ער האָט פאַרלאָזען די „ווייסע הויז" און איבערגעלאָזען דעבס׳ען אין פּריזאָן.

א כוואַליע פון אונצופרידענהייט, פון פּראָטעסט האָט אראָפּגעשווענקט די ווילסאָן אדמיניסטראציע און ארויפגעהויבען אויף דער אויבערפלעכע א נייע, גאַנץ־אונבאַקאַנטע, פּערזאָן מיט א גאַנץ־נייער אדמיניסטראציע, וועלכע וועט דאַרפען קירעווען דער „שיף פון סטייט" פאַר די נעקסטע פיר יאָר.

---

ווי עס שיינט, וועט פּרעזידענט האַרדינג ניט אויסאיבען א צו־גרויסען פּערזענליכען איינפלוס אויף דער אמעריקאַנער פּאָליטיק, אינערליכער און אויסערליכער. ווי עס שיינט, האָט ער ניט די אמביציע (און פיליכט אויך די פעהיגקייט) פון א רוזוועלט אָדער א ווילסאָן צו זיין א נאַציאָנאַלער פירער, צו טראָגען אויף זיינע פּלייצעס די פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט, צו זיין דער טאָנגעבער אין דער לעזונג פון די גרויסע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. ער איז א שטילער, רוהיגער מענש, וועלכער טראָגט זיך ניט אום מיט חלומות וועגען איבערבויען די געזעלשאַפט, וועגען איינפירען ראַדיקאַלע ענדערונגען; וועמענס אידעאַל באַשטייט נור אין דעם, אז אלס זאָל זיך פירען פיין, אָנשטענדיג, אָהן באַזונדערע פּלאָנטערס, און, איבערהויפּט, אז ב י ז נ ע ס זאָלען זיך ענטוויקלען נאָרמאַל.

אונטער זיין פּרעזידענטשאַפט וועלען דער קאַבינעט און דער קאָנגרעס שפּילען א פיל־בעדייטענדע — אויב ניט די הויפּט־ראָלע, ווי אונטער ווילסאָנ׳ס. ער וועט אויך, וואַרשיינליך, מיט איין אויער זיך צוהערען וואָס די פירער פון זיין פּאַרטיי האָבען צו זאָגען וועגען פאַרשידענע אַנגעלעגענהייטען.

אין זיין קאַבינעט געפינען זיך צוויי באַוואוסטע פּערזענליכקייטען, געוועזענע פּרעזידענט־קאַנדידאַטען, טשאַרלז היוז און הערבערט הואווער, דער ערשטער אלס מיניסטער פאַר אויסלאַנדישע אַנגעלעגענהייטען, און דער צווייטער אלס האַנדעלס מיניסטער. היוז טרעט אריין אין זיין אַמט מיט א שטיקעל רעפּוטאַציע. איבערהויפּט האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין ניכטערער שטעלונג צו די אויסשליסונג פון די סאָציאַליסטען פון דער סטייט־אַסעמבלי אין אלבאַני. הואווער׳ן האָט מען צוקלונגען אלס א גרויסע פּערזענליכקייט, און קיינער ווייס ניט אין וואָס אייגענטליך זיין גרויסקייט באַשטייט. לויט אלע וואַרשיינליכקייטען, וועט ער באַלאַנגען צום קאָנסערוואַטיווען פליגעל פון קאַבינעט.

די נייע אדמיניסטראציע איז נאָר וואָס אריין אין מאַכט, און דאָך האָט זי שוין באַוויזען צו אָפּרופען זיך אויף פילע פון די וויכטיגסטע פראַגען און מיט דעם אָנצייכענען אין אלגעמיינע שטריכען איר צוקונפטיגע פּאָליסי.

איבערהויפּט איז געווען „ביזי" דער דעפּאַרטמענט פאַר אויסלאַנדישע אַנגעלעגענהייטען.

פון סאָוועטען־רוסלאַנד איז אָנגעקומען א פאָרשלאָג צו דער נייער אדמיניסטראציע וועגען שליסען א האַנדעלס־אָפּמאַך. דער קאַבינעט האָט דעם פאָרשלאָג ניט פאַרוואָרפען און געגעבען אָפיציעלען ענטפער, וועלכער לויטעט: אז אָבוואָל אמעריקא ערלויבט זיך ניט צו דיקטירען די פּאָליטישע סיסטעם פון רוסלאַנד, דאָך אין באַצוג צו עקאָנאָמישע פראַגען פאַרלאַנגט זי איבערצייגענדע גאַראַנטיען, אז פּריוואַט־אייגענטום וועט רעספּעקטירט ווערען. מאַנכע ווילען אויסטייטשען אָט די נאָטע אלס א דירעקטע אויפפאָדערונג אויפצוגעבען דעם קאָמוניזם. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט עס באַוויזען, וואָס פאַר א נאַאיווער דיפּלאָמאַט מר. היוז איז. ווען רוסלאַנד וואָלט איינשטימען פאַרוואַרפען דעם קאָמוניזם, דאַן וואָלטען איר די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען אויפגעגעבען מיט אויסגעשרעקטע ארעמס. צו וואָס דאַן כאָדאַטאַיעווען פאַר א האַנדעל׳ס־אָפּמאַך? און היוז איז ניט קיין נאַאיווער דיפּלאָמאַט, און די נאָטע קלינגט ניט אלס א קאַטעגאָרישער אָפּזאָג. עס איז אויסער צווייפעל, אז אמעריקא פאַרלאַנגט נאָר א גאַראַנטיע פאַר די זיכערהייט פון דעם אייגענטום פון אירע ביזנעסלייט, וועלכע וועלען האַנדלען מיט רוסלאַנד, פאַר זיכערהייט פון געשלאָסענע קאָנטראַקטען. דאָס איז אייגענטליך א נייע און א פאַרנינפטיגערע שטעלונג צו דער פיל־אָנגעווייטאָגטער פראַגע וועגען סאָוועטען־רוסלאַנד.

אין באַצוג צו מעקסיקאָ לעזען מיר אין א טעלעגראַמע פון וואַשינגטאָן, אז היוז שטודירט שטאַרק אָט די פראַגע. וואָס ער באַצוועקט איז — צו אויסשטעלען א פ ע ס ט ע פּאָליסי אין באַצוג צו מעקסיקאָ. אין איין זאַך, לויטעט די טעלעגראַמע, איז דער קאַבינעט איינשטימיג, אז אמעריקאַנער „אייגענטום" און לעבען פון אמעריקאַנער סיטיזענס אין מעקסיקאָ זאָלען ווערען באַשיצט.

אויף א קאָנפערענץ פון די פאָרשטעהער פון דער אָיל־אינדוסטריע אין מעקסיקאָ איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאָדערען דורכאויס פון דער אָברעגאָן רעגירונג צו אויסשליסען אָדער מאָדיפיצירען דעם 27טען ארטיקעל פון דער מעקסיקאַנער קאָנסטיטוציע וועגען די אונטערערדישע רייכטימער פון לאַנד. גאָט האָט געשטראָפט מעקסיקאָ מיט רייכע אָיל־קוואַלען, און דערפון נעמען זיך אלע אירע צרות.

וואָס אַנבעלאַנגט דער מעקסיקאַנער פראַגע פאַרזיכערט אונז די רעפּובליקאַנער טראַדיציע, די האַרדינג אדמיניסטראציע וועט זיכער נעמען א פעסטע שטעלונג, און וויי וועט זיין דעם מעקסיקאַנעם פּאָלק, אויב ער וועט זיך ערלויבען האָבען אן אייגענע שטעלונג אין באַצוג צו אויסלאַנדישע אינוועסטמענטס.

היוז האָט שוין אויך געהאַט צייט צו „אַטענדען" צו דער כינא־פראַגע. אין א לעטער צו דז. פּ. מאָרגאַן און קאָ., דאַטירט

דעם 23טען מארטש, ערקלערט ער, אז די הארדינג אדמיניסטראַ־
ציע גיט איר הסכמה צו דעם „קאָנסאָרטיום" (פאראייניגונג) פון
א גרופּע אמעריקאנער באנקירען מיט דעם אַנטיילנעמען פון
ענגלישע, פראנצויזישע און יאפּאנעזישע באנקירען, וועמעס
צוועק איז „צו ערמוטיגען אמעריקאנער אינטערעסען אין ארויס־
העלפען כינא". עס איז כאראקטעריסטיש וואס כינא זעלבסט,
וועמען מ'וויל ארויסהעלפען, איילט זיך ניט געבען איהר צו־
שטימונג צו אָט דעם „קאָנסאָרטיום". אויך ערקלערט היוז, אז
די הארדינג אדמיניסטראציע איז פאר „אָפּענע טירען" אין
כינא, „פאר אינדוסטריעלער און קאָמערציעלער גלייכהייט פון
אלע נאַציאָנען". דאָס איז שוין א וואונק צו יאפּאַן. די שטע־
לונג צו כינא איז די זעלבע ווי פון דער ווילסאָן אדמיניסטראַ־
ציע. גענעראל דזשענעראל לעאָנארד וואוד פארט אין גיכען
נאך יאפּאן, וועלכע האט ווארשיינליך א שייכות צו די אויבענ־
דערמאנטע פראגען.

גראדע אין באצוג צו דער פראגע פון דער „פעלקער־ליגע",
וועלכע איז געווען די הויפּט אישו פון לעצטען קאמפּיין, איילט
זיך ניט דער אויסלאנדישער דעפּארטמענט צו נעמען א שטע־
לונג. פארלויפיג האט מען נאך ניט צוריקגערופען אונזערע
סאָלדאטען פון דעם רהיין געגענד אין דייטשלאנד. אויך האט
מען ניט געשלאָסען קיין באזונדערע פרידען מיט דייטשלאנד.
עס איז פריער געווען גרינגער צו ריידען ווי יעצט דורכפירען עס.
נאך דעם ווי מ'האט זיך ארייגערוקט אין די אליאירטע לענדער
מיט ניין און א האלב ביליאָן דאָלער, איז שוין גאר ניט
אזוי לייכט צו אָנפאנגען יעצט פראווען פאר זיך שבת. פאר־
לויפיג איז נור ארויסגעזאָגט געוואָרען די מיינונג, אז אבוואל
אמעריקא איז ניט אריינגעטראָטען אין דער פעלקער־ליג, גיט זי
ניט אויף אירע רעכטע אלס אַנטיילנעמערין אין דעם לעצטען
וועלט־קריג. דער געוועזענער פּרעמיער פון פראנקרייך, רענע
וויוויאַני, געפינט זיך יעצט אין וואשינגטאָן, און אלס רעזולטאט
פון אָט דעם וויזיט וועט זיך פיליכט קריסטאליזירען די באַצי־
הונג פון אמעריקא צו דער פעלקער־ליג.

דעם ריכטיגען קאַליר פון דער נייער אדמיניסטראציע וועט
מען דערקענען פון איר באַציהונג צו די וויכטיגע היימישע
פראגען.

אין דעם הינזיכט איז גראדע דא צו פארצייכענען צוויי
איבערראשענדע האנדלונגען פון דעם קאבינעט.

אטאָרני־דזשענעראל דאָהערטי האָט איינגעלאַדען דעבס'ן
צו קומען קיין וואשינגטאָן דורכשמועסען זיך מיט אים פערזענ־
ליך וועגען זיין „קייס". דעבס'ן איז ערלויבט געוואָרען צו
פאָרען הין און צוריק אלס פרייער מענש, אן קיין וואך. דאָס
איז געווען אן אויסערגעוועהנליכער קלוגער איינפאל, און איז אין
פולען קאָנטראסט מיט דער פארביטערטער און קורזיכטיגער
באַציהונג צום העלדישען מארטירער פון דער פריערדיגער אד־
מיניסטראציע. אלע סמנים צייגען צו א שנעלער באפרייאונג
פון אונזער פירער.

וויל העיס, דער נייער פּאָסטמאַסטער־דזשענעראל, זאָגט צו
צו אַנערקענען דעם פּרינציפּ פון „קאָלעקטיוו באַרגיינינג" אין די
פארהאנדלונגען צווישען פּאָסט בעאַמטע און דעם פּאָסט־אָפּיס
דעפּארטמענט, דער פּרינציפּ, וועלכען זיין פאָרגענגער, בורלסאָן,
האָט אזוי ביטער באַקעמפט.

דאגעגען קומען אָן ידיעות אז פּרעזידענט הארדינג האָט
באשלאָסען צו אַפּאָינטען אונזער בעקאַנטען וויליאם ה. טאַפט
אַלס טשיף דזשאַסטיס פון דעם סופרים קאורט פון לאנד אויף'ן
פּלאַץ פון טשיף דזשאַסטיס ווהייט, וועלכער קלייבט זיך צו
רעזיגנירען פון זיין אמט. צו די ארבייטער פון לאנד איז מר.
טאַפט באוואוסט אלס דער „אינדזשאַנקשאָן דזשאַדזש" און
אויך מיט זיין היסטאָריש געוואָרענעם ענטפער: „נאר גאָט
אליין ווייס", וועלכען ער האָט געענטפערט אויף דער פראגע:
"וואָס זאָל טאָן אַן ארבייטסלאָזער, וועלכער קען קיין דזשאָב ניט
קריגען?" געוויינטלאך, איז ניט געווען צו ערוואַרטען, אז פּרע־
זידענט הארדינג זאָל שיקען א צווייטען לואיס ד. בראנדייס צום
סופרים קאורט.

די רעפּובליקאנער פארטיי וואָלט ניט ווערט געווען איר
נאָמען ווען זי וואָלט ניט איינגעפירט א טאַריף אויף אויסלענ־
דישע וואָרע, און ווי פּאָליטישע באַאָבאַכטער באַהויפּטען, וועט
דער טאַריף ביל, וועלכען ווילסאָן האָט געוועטאָאירט, אין גיכען
ווערען א געזעץ. דאָס וועט נאַטירליך זיין א גוטע סגולה צ
פארקלענערען די לעבענס־קאָסטען.

די נייע אדמיניסטראציע האָט שוין געהאַט איר ערשטע
עקספּערימענט אין שליכטען א וויכטיגען סטרייק.

די פלייש־מאַגנאַטען פון די פּעקינג הייזער אין שיקאַג
האָבען געוואָלט ברעכען דעם קאָנטראַקט, וואָס זיי האָבען גע
שלאָסען מיט די יוניאָנס אין דער מלחמה־צייט, און רעדוצירע
די וויידזשעס פון די ארבייטער און פארלענגערען די ארבייטס
שטונדען. עס האָט געהאַלטען בא א סטרייק. די רעגירונ
האָט זיך אריינגעמישט ווייל די פלייש אינדוסטריע איז נאָ
פארלויפיג אונטער מלחמה רעגולאַציעס, ביז דעם נעקסטען סעפּ
טעמבער. די פארשטעהער פון דער רעגירונג זיינען געווען
קאבינעט מיטגלידער דייוויס, האוווער און וואלאס. דער רעזול
טאט איז אז די ארבייטס־שטונדען זיינען געבליבען די זעלב
און די וויידזשעס האָט מען טאקע געשניטען אויף 8 פּראָצענ
אויף וואָך־ארבייט און 12 פּראָצענט אויף שטיק־ארבייט.
די ארבייטער־פארשטעהער באהויפּטען, האָבען זיי די מיניסט
רען כמעט ווי געצוואונגען. אָנצונעמען די לוין־פארקלענערונ
ווייל די רעגירונג וויל ניט האָבען קיין אינדוסטריעלע קאמפּ

אויך די אייזענבאַן־מאַגנאַטען ווילען שניידען די וויידזשע
פון זייערע ארבייטער, און אויך דא האָט זיך די רעגירונג גענומ
אריינמישען אום אויסצומיידען א סטרייק, וועלכער וואָלט פּאַ
קריפּעלט די גאנצע אינדוסטריע אין לאנד. לויט דער בא
הויפּטונג פון סענאַטאָר קאמינס, דער טשערמאַן פון דער אי
טערסטייט האנדעלס קאָמיסיע, איז לעצטער יאָר געווען איינ
פון די בעסטע אין דער געשיכטע פון די אייזענבאַנען.
הכנסה האָט אנגעטראָפען 6 ביליאָן און 250 מיליאָן דאָלע
און דאך האָט זיך אָפּגעשטעלט ריינער פארדינסט נור 10 מיליא
דאָלער, וואָס דאָס מאַכט אויס נור 1־15 פּראָצענט פארדינס
ער דיינקט אז מ'מוז שניידען, צום וויינגסטענס, 10 פּראָצענ
פון די ארבייטערס וויידזשעס. דאמיט וואָלט מען געשפּאָר
360 מיליאָן דאָלער. פּרעזידענט הארדינג האָט שוין געהא
קאָנפערענצען וועגען דעם מיט די פארשטעהער פון דער לייב
באָארד און אינטערסטייט האנדעלס קאָמישאָן. ער זאָגט,
ער וועט איבערגעבען אָט די פראגע צום קאָנגרעס, וועלכ
קומט זיך צונויף פאר א ספּעציעלער זיצונג דעם 11טען אפּרי
ווי מען דיינקט, גייט ער פארשלאָגען צו רעדוצירען די וויידזש
און פּראָכט רייטס.

---

כאָטש די הארדינג אדמיניסטריישאָן איז אין מאכט נ
גאָר א קורצע צייט און האָט נאָך ניט געהאַט א געלעגענהי
צו ארויסצייגען זיך אין איהר פולען גלאַנץ, דאָך קען מען
זיכער אין דער מיינונג אז איר הויפּט אויפגאַבע וועט באַשטע
אין באַשיצען „ביזנעס", אין היטען די „לעדזשיטימייט" פּר
פיטען פון די גרויסע ביזנעס סיי אין לאנד, סיי אויסער'ן לאנ
ווי מעקסיקאָ און כינא, א. ז. וו.

כאָטש עס זיינען נאָך ניטאָ געניגענדע פאַקטען צו באַווייז
די שטעלונג פון דער רעגירונג צו ארבעטער־פראגען, ד
פילט דאָס לאנד וואָס אָט די שטעלונג וועט זיין. עס פי
די ארבייטער און עס פילען די בעלי־בתים. די ארבייטער ד
קען שוין ניט וועגען געווינען נייע פּאָזיציעס נור זיי קלי
כחות צו פארטיידיגען די אלטע. און די ארבייטס־געבער ווע
פון טאָג צו טאָג דרייסטער און חוצפּה'דיגער. איבער דער ל
און דער ברייט פון לאנד ווערען געמאַכט פּארזוכען צו רעדוצי
דאָס ארבעטער־לוין. און דאָס איז נאָך ניט וויניג. עס צופי
קערט זיך פון דאָס ניי דער קאמף פאר „אָפּען שאָפּ", פאר
ברעכען די יוניאָנס. די בעלי בתים פון דער קליידער אינד
טריע זיינען ניט צופרידען מיט וועלען רעדוצירען 25 פּראָצענ
פון די וויידזשעס נאָר זיי ווילט זיך נאָך שטאַרק צו פארניכ
די „אמאַלגאַמייטער".

אויך די דזשאָדזשעס האָבען זיך פּלוצלונג דערמאָנט
זייער אַמאָליגען געווער, דער אינדזשאַנקשאָן. זיי שייט
אים ארום און נוצען אים פון דאָס־ניי. איינער נאָך יעם
דערען גיבען זיי ארויס אינדזשאַנקשאָנס צו פארווערען פּיקעט
זיי האָבען זיך יעצט ארומגעזעהן, אז פּיקעטען ברייננגט שאָ
דעם ארבעטס־געבער און שרעקט אמאָל איבער א סטרייקברעכ

די הארדינג אדמיניסטראציע וועט זיך אויסצייכענען
מיט וואָס זי וועט האָבען א באַשטימטע ריכטונג,
אירע אישוס וועלען זיין דייטליך און ניט פארדונקעלט.

# צוואַנציגסטער רעפּאָרט צו דער איין און צוואַנציגסטער קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג אין באָסטאָן מאסס.

נאַציאָנאַלע באַאַמטע פאַר 1920-1921:

י. ה. ישורין — — — — טשערמאַן
י. אלפערט — — — — וויים-טשערמאַן
ר. זאלצמאן — — — — טרעזשורער
י. באַסקין — — דזשענ. סעקרעטער
פ. געליעבטער — — רעק. סעקרעטער
מאיר לאַנדאַן — — ליגעל אדווייזער
י. ב. ביילין — — — — רעדאַקטאָר

## די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע

גריוועגס קאָמיטע:
מ. האסקעל
א. הערמאַן
ל. אלטמאַן
ב. קראַפּקא
ב. בורגין

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע:
ל. דינערשטיין
ע. עבעריל
פ. יודיטש
ב. זאלצמאַן
ב. קרינסקי

סאַניטאַריום קאָמיטע:
מ. וואלבערג
ב. פרישוואַסער
י. אלפערט
מ. שפּינראַד
ר. נעכאַמקין

אָפּיס קאָמיטע:
מ. אייבראַמס
ע. ה. ישורין
דזש. מ. ראָזענבלאַט
י. מאַנדעל
נ. ליטאַוער

בענעפיט קאָמיטע:
ק. יאַקאָבי
ס. הייפערלינג
מ. ס. מאַלאַט
ל. ביילין
ז. שפּייער

עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע
נ. פיינערמאַן
א. ליעסין
א. ש. זאַקס
מ. גורעוויטש
ס. בערנשטיין

נאַציאָנאַלע באָארד אוו דירעקטאָרען:

ל. אַרקין, פּיטסבורג, פּא.
ל. בענענסאָן, שיקאַגאָ, איל.
ט. דייווים, נאָרפאָלק, ווא.
ב. דאָקסער, דעטראָיט, מיש.
סאול שולמאַן, פּאָרטלאַנד, מעין
ה. לין, נוארק, נ. דזש.
מאָרים רייס, ניו־הייווען, קאָנג.
אָ. ריבאָ, טאָראָנטאָ, קענעדע
א. רובין, מילוואָקי, וויס.
א. פּעלאָוויץ, באַלטימאָר, מד.
ל. בעצאהלער, ברוקלין, נ. י.
ה. שערמאַן, פּראָווידענס, ר. א.
ד. שייער, מינעאפּאָלים, מינ.
י. וויניצקי, קליוולאַנד, אָהייאָ

סאַניטאַריום מעדיקאל אדווייזאָרי באָארד:
דר. דזש. האלפערן
דר. ס. אינגערמאַן
דר. מ. סוויני
דר. מ. ראָם
דר. ש. פעסקין
דר. מ. ראָזענטהאַל

אלגעמיינע מעדיקאל אדווייזאָרי באָאַרד:
דר. דזש. האלפערן
דר. י. א. מעריסאָן
דר. אב. קאַספּע
דר. ס. סילווערבערג
דר. א. היימאָוויץ
דר. ב. נעלסאָן
דר. פּעני דעמבאָ
דר. י. באַרסקי

קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמיטע:
אב. עפּשטיין, טשערמאַן
י. דינערשטיין
ר. גוסקין
א. לאַנגער
ל. ראָטמאַן

האָום אָפּיס קאָמיטע
ב. לעוויטאַן, טשערמאַן
י. פּאַרניק, סעק.
י. גאָלדין
י. קלופּט
מ. י. אשפּיז

# קאנווענשאן אפטיילונג

## באריכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע

צו די דעלעגאטען פון דער 21־טער קאנווענשאן און צו אלע מיטגלידער פון ארבייטער רינג.

ווערטע פריינד:

מיר קומען צו דער היי־יאריגער קאנווענשאן מיט א נייעם קאפיטעל אין דער געשיכטע פון אונזער א. ר.

און מיר ערלויבען זיך דא גלייך צו באמערקען, אז אויך דער היי־יאריגער קאפיטעל איז איינער פון די רייכסטע אין אונזער געשיכטע. דאס איז ווידער א לאנגער צעטעל פון ערפאלגרייכער ארבייט פון איינער פון די לעבעדיגסטע ארבייטער־ארגאניזאציעס, וואס די אידישע וועלט פארמאגט; דאס איז ווידער א צעטעל פון אופטואונגען, מיט וועלכע אלע אונזערע פריינד קענען וו[e]יטער שטאלצירען.

עס וואלט זיכער ניט געשאדט אמאל, אין א באריכט פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע, זיך ניט צו באגרעניצען בלויז־אויף עטליכע פונקטען פון צענטראלער טעטיגקייט, נאר אויך — פון צייט צו צייט — איינשליסען טיילען פון ארבייט, וואס ווערען דורכגעפירט פון ברענטשעס אונאפהענגיג פון דער צענטראלער פארוואלטונג. די ברייטע מיטגלידערשאפט פון אונזער א. ר. איצט, און סיי דער שרייבער פון דער געשיכטע פון אונזער באוועגונג שפעטער, וואלטען פאר זיך דאן געהאט א גאנץ שיינעם ביישפיל און אן אינטערעסאנטען מאטעריאל וועגען דעם לעבען און טעטיגקייט פון א וואונדערבארער ארגאניזאציע אין אונזער באוועגונג. נאר ווייל דאס איז אויסער אונזערע מעגליכקייטען, וועלען מיר זיך דאס מאל אין אונזער באריכט ווידער מוזען באשרענקען בלויז וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער עקזעקוטיווע. און אויך נאר וועגען אזעלכע פונקטען, וואס טראגען אן אלגעמיינעם כאראקטער. מיר זיינען אבער זיכער, אז אט דער קורצער באריכט, צוזאמען מיט די באריכטען פון די פארשידענע דעפארטמענט קאמיטעס, וואס געפינען זיך אויף די אנדערע זייטען פון היינטיגען נומער „פריינד", וועלען אויך קענען דינען אלס געניגענדער רייכער מאטעריאל פאר אונזערע אייגענע און פאר אלע נאענטע פריינד, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין אונזער א. ר.

צוערשט עטליכע ווערטער וועגען די אלגעמיינע אומשטענדען אין דעם פארגאנגענעם יאר:

נישט נאר אין דעם לעצטען יאר, נאר, ווי אלע ווייסען, אין די לעצטע איינינע יארען, האט אונזער אלגעמיינע באוועגונג בכלל און רער א. ר. בפרט דורכגעלעבט זעהר א שווערע צייט; דאס לעבען פון די ברייטע מאסען אין די פריערדיגע פאר יאר, האט דורכגעמאכט די פאלגען פון מלחמות, מגפות און שרעקליכער רעאקציע און דאס האט גענוג געשטערט דאס לעבען פון זייערע ארגאניזאציעס. אבער דערפאר זיינען די אומשטענדען אין דעם לעצטען יאר, אין פילע הינזיכטען, געוועזען נאך ערגערע: דער ביטערער עקאנאמישער קריזיס און דער באנייטער קאמף צווישען קאפיטאל און ארבייט האט זיך מיט אמאל ווי א שווערער שטיין אראפגעלאזט אויף די קעפ פון די גרויסע מאסען ארבייטער און קליינע ביזנעסלייט. דאס האט דערשלאגען זייער מוט צו באוועגונג, און אויף אזא אופן נאך שווערער געמאכט דעם אקטיווען לעבען פון די ארגאניזאציעס.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז אונז אויסגעקומען דעם
אונזער אלגעמיינע ארגאניזאציאנס־טעטיגקייט
יאר צו טאן די ארבייט צווישען אונזערע ברענטשעס.

אבער מיר האבען זיך חלילה ניט דערשראקען און ניט פארלארען. מיר האבען גוט געוואוסט די כחות פון אונזער א. ר., און מיר האבען פארשטאנען, אז אין שלעכטע צייטען איז בלויז נייטיג אביסעל מער אנשטרענגונג. מיר האבען דארום אין די ערשטע מאנאטען פון יאר אנגענומען, פריער פאר אלץ, די רעקאמענדאציע פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע אנצופאנגען א נייעם קאמפיין פאר 100 טויזענט מיטגלידער אין דעם ארבייטער־רינג. און דעם גאנצען יאר, ביי די ניט גאר גינסטיגע אומשטענדען, האבען מיר געמאכט אלע מעגליכע אנשטרענגונגען, צוזאמען מיט דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, פאר ערפאלגרייכע רעזולטאטען — ניט נאר אין דער אונטערנעמונג, גאר — ווי איר וועט ווייטער זעהן — אויך אין אלע אנדערע אונטערנעמונגען.

מיר האבען געזוכט אנצוהאלטען און צו פארשטארקען דאס לעבען אין אונזערע ברענטשעס. און פאר דעם צוועק האבען מיר אויסגענוצט אלע מעגליכע מיטלען פאר אגיטאציע און פראפאגאנדא, און אויף פארשידענע אופנים געזוכט צו טרייבען פארווערטס דעם וואוקס און דעם ערפאלג פון אונזער ארגאניזאציע: אויפרופען, רעדנער, קאנפערענצען און ספעציעלע מאכען־פארזאמלונגען — אלץ וואס נאר מעגליך איז אנגעווענדעט געווארען אין אונזער ארבייט.

מיר האבען ניט קיין מעגליכקייט אויף אט דעם פלאץ אויסצורעכענען די אלע פארזאמלונגען, וואס זיינען פון אונז באזוכט געווארען — אויסער די, וואס זיינען איבערגעגעבען אין דעם באריכט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע. די צאל פון אזעלכע איז פשוט אזוי גרויס, אז זאגאר ניט אלע קענען אויף אונזערע רעקארדס פארצייכענט ווערען: פארזאמלונגען לכבוד יובילייאומס, ארבייטער־לייסעאומס, קאאפעראטיווען, קינדער־שולען, קולטור־צענטערס, רעליף־אונטערנעמונגען און אנדערע, זיינען זיך צווישען אונזערע ברענטשעס אין די לעצטע יארען אזוי פאנאנדערגעוואקסען, אז עס איז שוין כמעט אוממעגליך זיי פינקטליך צו ציילען. און אין דעם לעצטען יאר — אין א צייט פון ערגסטער באוועגליכער שוואכקייט — איז די צאל פון אזעלכע אונטערנעמונגען אין אונזערע ברענטשעס זיכער ניט פארקלענערט געווארען. און אומעטום, ביי יעדער געלעגענהייט, און ביי ספעציעל געשאפענע מעגליכקייטען, זיינען געוועזען אונזערע פארטרעטער און גערופען צו אקטיווער טעטיגקייט אין אונזערע רייען.

### פרעסע־פראפאגאנדא

און פונקט ווי מינדליכע, אזוי האבען מיר אויך געזוכט צו פארשפרייטען וואס ברייטער אונזער שריפטליכע, אדער פרעסע־פראפאגאנדא. פאר דעם צוועק האבען מיר געמאכט אלע מעגליכע פארזוכען אויסצונוצען אונזער סאציאליסטישע און ארבייטער פרעסע. מיר האבען זיך דערצו באנוצט מיט יעדער ערשיינונג סיי אין א. ר. גופא און סיי אין אלגעמיינעם געזעלשאפטליכען לעבען. עס איז אמת, אז לויט די פאדערונגען פון אזא ברייט פארצווייגטער און אקטיווער ארגאניזאציע ווי דער א. ר. האבען מיר ניט שטענדיג געקראגען דעם פלאץ אין די צייטונגען, צו וועלכען מיר זיינען בארעכטיגט. אבער אין פארבינדונג מיט פילע ערשיינונגען, און אפט אין אלגעמיינע פראגען, וואס האבען אן אגיטאציאנס־באדייטונג, האבען מיר דאך געקראגען א גאנץ אנגעזעהענעם פלאץ אין יענע צייטונגען. מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט דערפאר דא אויסדריקען אונזער דאנק, ספעציעל צום „פארווערטס", „קאל", „נייע וועלט", „צוקונפט", „פרייע ארבייטער שטימע" און די אנדערע ארבייטער־צייטונגען, וועלכע האבען אויף זייערע קאלומס געהאט פילע פראגען וועגען ארבייטער־רינג און זיין טעטיגקייט.

נאך אלע פראבען, וואס זיינען געמאכט געווארען, קענען מיר איצט, צום ענד פון יאר, זאגען, אז מיר האבען זיך ניט אפגענארט אין אונזער אפשאצונג וועגען די כחות פון א. ר. עס איז ריכטיג, אז מיר האבען דעם יאר ניט צוגעקראגען אזוי פיל נייע מיטגלידער, ווי מיר האבען געוואונשען, אבער נעמענדיג אין אכט די שווערע באדינגונגען — א צייט, אין וועלכער די

מערסטע א גאַניזאַציעס האָבען פאַרלאָרען סיי אין מיטגלידער און סיי אין פאַרמעגען — איז אונזער וואוקס גראָד דעם יאָר געווען אַזעלכער, מיט וועלכע מיר אַלע קענען זיך פרייען. אונזער אַרבייטער־רינג איז ווידער געוואַקסען אין היבשע עטליכע טויזענט מיטגלידער, ווי איר וועט דאָס זעהן אין דעם באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. און נאָך גרעסער איז דער וואוקס אין אונזער פאַרמעגען, וועלכער איז אין משך פון דעם יאָר געוואַקסען אין איבער אַ נייעם פערטעל מיליאָן דאָלאַר.

## לעגאַליזאַציע

אין אונזער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט קענען מיר אויך איינשליסען אונזער לעגאַליזאַציאָנס־אַרבייט:

אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר האָבען מיר געמאַכט אַלע נייטיגע אָנשטרענגונגען צו פאַרענדיגען די לעגאַליזאַציאָנס־אַרבייט. דער א. ר. דאַרף און איז באַרעכטיגט צו ווערען לעגאַל און צו פאַרשפרייטען זיין טעטיגקייט אין אַלע טיילען פון לאַנד. אין אויף דעם געביט האָבען מיר דעם יאָר ערלאַנגט אַזאַ שפּרונג פאָראויס, וועגען וועלכען עס האָבען זאָגאַר ניט געחלומ'ט פילע פון אונזערע בעסטע פריינד.

מיר האָבען פאַר דעם צוועק געהאַט אַ ספּעציעלע „ליגעל קאָמיטע", וועלכע איז אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבייט אונטער דער אויפזיכט פון אונזער עקזעקוטיווע. אין משך פון יאָר האָבען מיר צוגעקראָגען טשאַרטערס אין די סטייטס: קענזעס, טענעסי, נאָרד־קאַראָליינאַ, נאָרד־דאַקאָטאַ, אָרעגאָן און ענדליך אויך אונזער זיג אין מאַסאַטשוזעטס.

דער טרוים פון דער גרויסער מיטגלידערשאַפט און פריינד פון אַרב. רינג אין די לעצטע 15 יאָר איז ענדליך פאַרווירקליכט געוואָרען. די שווערע אַרבייט פון אַ גרויסער צאָל פון אונזערע טוער אין די לעצטע עטליכע יאָרען איז ענדליך דעם יאָר געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג.

אַז דורכצופירען די ענדע אין מאַסאַטשוזעטס איז אונז ניט אַזוי לייכט צוגעגאַנגען, דאָס קאָן זיין פאַרשטענדליך פאַר די אַלע, וואָס זיינען טיילווייז באַקאַנט מיט פראַטערנאַל אינשורענס געזעצען פון יענעם סטייט, און פאַר די אַלע, וואָס וויסען כאָטש טיילווייז פון די אַנדערע שטערונגען, וואָס אַ פּאָר „גוטע פריינד" פון דער אַרבייטער־באַוועגונג, ווי זיי רופען זיך דאָרטען, האָבען געזוכט צו לייגען אויף אונזער וועג. אָבער אין די אינטערעסען פון דעם א. ר., אין די אינטערעסען פון דער גרויסער אידישער אַרבייטער־באַפעלקערונג פון מאַסאַטשוזעטס, און לויט דעם מאַנדאַט, וואָס מיר האָבען ווידער באַקומען פון אונזער לעצטער קאָנווענשאָן האָבען מיר אָנגעווענדט אַן עקשנות'דיגע אָנשטרענגונג, כדי איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַזוי אָדער אַנדערש, צו שליסען די ענדע אין דעם בלעטעל געשיכטע וועגען אונזער קאַמף פאַר געזעצליכער עקזיסטענץ אין יענעם סטייט. און עס איז ווירקליך אַ שטאָלץ צו פילען, אַז ווי מיט דעם כח פון אַ מעכטיגען לייב, אַזוי האָבען מיר מיט דעם פעסטען כח פון אונזער אַרבייטער־אָרדען אָפּגעראַמט אַלע לעצטע שטיינער פון וועג, און דאָך דורכגעבראָכען די פעסטונג, וועלכע איז דאָרט טיילווייז ספּעציעל פאַר אונז אוועקגעשטעלט געוואָרען.

מען האָט אַ לענגערע צייט געהאַלטען אין זוכען און זוכען; מען האָט אונטערזוכט אונזער מאַטעריעלען צושטאַנד — אָבער ניטאָ קיין פגימות — מיט דער אויסנאַם, אַז דאָ אָדער דאָרט, אין דעם אוידיטאָרס סטייטמענט פעלט אַ פּינטעלע, אָדער אַן אַנדער צייכען. נו, האָבען מיר דאָס „געפיקסט". האָט מען אונטערזוכט אונזער קאָנסטיטוציע און מען האָט אויסגעפונען, אַז דער אָדער יענער פונקט דאַרף שטעהן פריער און אַן אַנדערער — שפּעטער, אָדער אַז אַזאַ און וואָרט דאַרף ערגעץ צוגעשטעלט ווערען און אַן אַנדער וואָרט דאַרף אויסגעמעקט ווערען א. אז. וו. — מער אָדער ווייניגער, אַלץ טעכנישע אָדער פאָרמעלע ענדערונגען. און אין דער צייט פון די אונטערזוכונגען האָבען די פאַר „אַרבייטער־פריינד" דאָרטען ווארשיינליך אויך ניט געשוויגען. זיי האָבען זיך געמאַכט זייערע אונטערזוכונגען, און ביים קאָמישאָנער האָט מען געפאָדערט און געהאַט אַ „הירינג". ווער ווייסט וואָס פאַר חטאים זיי האָבען דאָרט געגען אונז געזוכט צו באַווייזען? אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפען. מאָנטאָג בייטאָג, דעם 31־טען יאַנואַר, האָט דער קאָמישאָנער פאַר אונז דעם טשאַרטער אונטערגעשריבען.

כדי צו קענען מאַכען די נייטיגע ענדערונגען אין אונזער קאָנסטיטוציע, און לויט דעם באַשלוס פון די לעצטע קאָנווענשאָנס און רעפערענדומס, האָבען מיר אויף ענדע דעצעמבער און אָנפאַנג יאַנואַר צוזאַמענגערופען אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק, פאַר וועלכער מיר האָבען פאָרגעבראַכט אַט די צאָל פונקטען אָדער פּאַראַגראַפען, וועלכע האָבען לויט דעם געזעץ געדאַרפט געענדערט ווערען. די ענדערונגען זיינען אויף דער קאָנווענשאָן אָנגענומען געוואָרען. עס איז געווען די איבערצייגונג פון אַלעמען, אַז די געענדערטע פונקטען וועלען אויף קיין אופן ניט ענדערען דעם ג י י ס ט פון אונזער קאָנסטיטוציע, און געוויס ניט דעם גייסט פון דעם א. ר. צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ, גלויבען מיר ניט, אויב עס איז וויכטיג די פונקטען דאָ צו פאַרצייכענען. מיר וועלען זיי אפשר איבערגעבען מינדליך ביי דער קאָנווענשאָן, אָדער אַלע מיטגלידער וועלען זיך סיי ווי סיי מיט זיי באַקענען אַזוי שנעל ווי אונזער קאָנסטיטוציע וועט אינגיכען פאַרטיג ווערען פון דרוק — נאָכדעם ווי זי איז דעם יאָר בכלל רעווידירט געוואָרען פון דער קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמיטע.

ביז דעם טאָג, ווען דער באַריכט ווערט געשריבען, איז שוין דער א. ר. פאָלשטענדיג לעגאַליזירט אין 34 שטאַטען פון לאַנד, אין 5 פּראָווינצען און מיט אַ דאָמיניאָן טשאַרטער פאַר גאַנץ קענעדע. אַלע אונזערע טרייע פריינד מעגען זיך באַגריסען אַט מיט דעם סך־הכל, און דעם יאָר ספּעציעל מיט אונזער זיג אין מאַסאַטשוזעטס. דאָס איז בלויז די מאַכט פון א. ר., וועלכע האָט דאָס געקענט באַווייזען.

רעדענדיג וועגען אונזער לעגאַליזאַציאָנס־אַרבייט, האַלטען מיר פאַר וויכטיג דאָ אויך צו דערציילען, אַז בלויז פון איין געוויסען סטייט אין דער סאוט האָט מען אונז דעם יאָר צוריקגעוויזען אונזער אַפּליקיישאָן פאַר אַ טשאַרטער, צוליב פאָלגענדער אורזאַך:

מיר ווייסען ניט גענוי, צי לויט די פראַטערנאַל אינשורענס געזעצען פון יענעם סטייט, אָדער לויט די געזעצען פון דעם דאָרטיגען קאָמישאָנער, האָט מען פאַרלאַנגט פון אונז אַן אונטערגעשריבענעם סטייטמענט, אַז אונזער אָרדען באַשטעהט בלויז פון מיטגלידער פון דער ווייסער ראַסע. עס פאַרשטעהט זיך, אַז הגם אונזער מיטגלידערשאַפט באַשטעהט בלויז פון אַזעלכע, דאָך האָבען מיר אַזאַ סטייטמענט ניט געטאָרט אונטערשרייבען. קיין מאָטיווען, לויט אונז שיינט, דאַרף מען דאָ ניט דערקלערען. מיר קענען נאָר זאָגען, אַז אונז פאַרדריסט זעהר ווייניג דער פאַקט, וואָס מיר האָבען דאָרט קיין טשאַרטער נישט געקראָגען. ווייל אין יענעם סטייט איז די אידישע באַפעלקערונג בכלל אַן אומבאַדייטענדע און קיין א. ר. בראַנטשעס זיינען דאָרט ניט פאַראַן. דערפאַר פאַרדריסט אונז אָבער פיל מער די אורזאַך, פאַר וואָס אין יאָר 1921 האָט אונז אַן אַמעריקאַנער סטייט קיין טשאַרטער ניט באַווילינגט.

## אינערליכע אָרגאַניזאַציאָנס־אַנגעלעגענהייטען

אין לויף פון יאָר האָט זיך אונזער עקזעקוטיווע אויך אָנגעשטויסען אָן אַ רייע אינערליכע אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען, וועלכע זיינען אָבער געווען צו אונזער צופרידענהייט גאַנץ ווייט פון מחלוקות. בכלל קאָן דאָ געזאָגט ווערען, אַז, לויט אונז שיינט, איז נאָך קיין יאָר ניט געווען אַזאַ רוה און אָרדענונג און האַרמאָנישע אַקטיוויטעט אין די רייען פון א. ר., ווי דאָס איז געווען אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. מיר האָבען זיך נאָר באַגאַגענט מיט אַ רייע פראַגען, וואָס זיינען נאַטירליך אין אַן אָרגאַניזאַציע און וועלכע האָבען פון אונז פאַרלאַנגט אַן ענטשיידונג. מיר גלויבען, אַז מיר האָבען די אַלע פראַגען אַנטשיידעט צום בעסטען. מיר גיבען דאָ איבער איינינגע פון זיי:

1) ווען די פּרינציפּען־ערקלערונג פון דער נויאַרקער קאָנווענשאָן איז אַרויסגעשיקט געוואָרען פאַר רעפערענדום, איז פאַר אונזער עקזעקוטיווע אַנטשטאַנען אַ פראַגע, אויב פאַר מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זאָל ערלויבט זיין צו אַגיטירען פאַר אָדער געגען דער פּרינציפּען־ערקלערונג. מאַנכע פון אונז האָבען געגלויבט, אַז פונקט ווי די עקזעקוטיווע אַלס גאַנצע טאָר ניט אַגיטירען פאַר אָדער געגען אַ געוויסען פונקט, וואָס איז אַרויסגעשיקט פאַר רעפערענדום, אַזוי זאָל דאָס זעלבע ניט געטאָן ווערען פון קיין איינצעלנע מיטגלידער. אַנדערע זיינען ווידער געווען מיט דער מיינונג, אַז אַן איינצעלנער מיטגליד — מיט דעם וואָס ער איז אין דער עקזעקוטיווע, קאָן ביי אים זיין רעכט ניט אַוועקגענומען ווערען, ספּעציעל ווען עס האַנדעלט זיך נאָך אין פּרינציפּיעלע פראַגען. יעדער באַטרעפענדער מיטגליד טאָר נאָר באין אופן ניט אַגיטירען אין דעם נאָמען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

מיר האָבען נעהמען אַ לענגערע רעבאַטע וועגען דעם און

מיט אַ מערהייט שטימען איז די צווייטע מיינונג אָנגענומען געוואָרען.

2) אַ גרופּע מעמבערס עט לאַרדזש פון דעם געוועזענעם פּעטערסאָנער בר. 192 האָבען אַפּעלירט צו דער נאַציאָנאַלער באָארד אָף דירעקטאָרס געגען דער האַנדלונג פון דער פאַראיאָריגער עקזעקוטיווע, וועלכע האָט דעם ברענטש אויפגעלעזט. די נאַציאָנאַלע באָארד האָט וועגען דעם אַפּיל געהאַלטען אַן אָפענע „הירינג" אין פּעטערסאָן גופא, און שפּעטער באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע.

3) אַ געוויסע צאָל ברענטשעס פון ניו־יאָרק האָבען פאַר אונז פאַרגעבראַכט אַ קלאַגע געגען דעם ניו־יאָרקער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, דערפאַר, וואָס די פאַרוואַלטונג פון דעפּאַרטמענט האָט ניט גענוצט אַ געוויסען טייל פון די ברענטש־צאָלונגען לויט דעם באַשלוס פון אַ געזעצליכען קאָנפערענץ פון זיינע ניו־יאָרקער ברענטשעס.

נעמענדיג אין אַכט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז אומאָפּהענגיג פון אונזער קאָנטראָל און ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ ספּעציעל ערוויילטער קאָמיטע פון זיינע אָנגעשלאָסענע ברענטשעס, האָבען מיר דאַרום בלויז באַשלאָסען און פאַרלאַנגט פון זייער פאַרוואַלטונג, אַז זיי זאָלען אַליין איינבאַרופען אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ, ביי וועלכער די פראַגע זאָל געליכטעט ווערען, און אַזוי האָט זיך טאַקע דער אינצידענט פאַרענדיגט.

4) אַ געוויסער ניו־יאָרקער ברענטש האָט פאַר אונז אָנגעקלאָגט דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט, דערפאַר, וואָס זיי האָבען דעם ברענטש געשטראָפט פאַר שולדען, וואָס, לויט דער מיינונג פון ברענטש, האָט דאָס גאָר קיין געזעצליכען שייכות ניט מיט דעם דעפּאַרטמענט. נאָכדעם ווי די פאַרוואַלטונג פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט האָט אונז דערקלערט, אַז זיי וועלען האַנדלען לויט אונזער אַנטשיידונג, הגם זיי זיינען אויך אומאָפּהענגיג אין זייער פאַרוואַלטונג, האָבען מיר באַשלאָסען, אַז די סומע פון ברענטש זאָל באַצאָהלט ווערען און אַז דער ברענטש זאָל ריינסטייטעט ווערען.

5) אונזער ברענטש אין ראָזעל, ניו־דזשוירזי, האָט געבויט אַן אַרבייטער־לייסעאום אין זייער שטאָט. די קאַרפּענטערס, מיטגלידער פון ברענטש, האָבען געוואָלט אַרבייטען פריי ביי דעם לייסעאום זונטאָגס, נאָר דער דאָרטיגער דיסטריקט קאַונסיל פון דער קאַרפּענטערס יוניאָן האָט זיי דאָס פאַרבאָטען. דער ברענטש האָט זיך געווענדט צו אונז מיט אַ פאַרלאַנג זיי אין דעם צו העלפען. מיר האָבען איינמאָל געשיקט אַ בריף צום דיסטריקט קאַונסיל און שפּעטער האָבען מיר אויך ערוויילט אַ קאָמיטע, ביז זיי האָבען ענדליך ערלויבט די מיטגלידער פון ברענטש צו אַרבייטען זונטאָגס ביי זייער לייסעאום־בילדינג, כדי צו קענען אויפבויען אַ היים פאַר זייער אָרגאַניזאַציע.

## איינינגע באַשלוסען

אין פאַרבינדונג מיט אונזער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט ווילען מיר דאָ אויך איבערגעבען איינינגע באַשלוסען:

1) ווי איר ווייסט, איז ביי דער לעצטער נוארקער קאָנווענשאָן ערוויילט געוואָרען אַ האָום־אָפּיס קאָמיטע, מיט דער אויפגאַבע צו באַטראַכטען פּלענער און צוצוגרייטען אַלע נייטיגע אונטערזוכונגען וועגען אַ הויז, אָדער „האָום־אָפּיס" פאַר דעם א. ר., און אַז די קאָמיטע זאָל נאָכדעם וועגען דעם באַריכטען צו דער הייניגער קאָנווענשאָן. צוויי פון די מיטגלידער פון דער קאָמיטע, די פריינד וואָלאַס און קופּערמאַן, האָבען נאָך דער קאָנווענשאָן רעזיגנירט. מיר האָבען דעריבער ערוויילט אויף זייער פּלאַץ די פריינד אַשפּיז און פּאַדניק.

ביי דער געלעגענהייט ווילען מיר שוין אויך צוגעבען, אַז פאַרטרעטער פון אונזער עקזעקוטיווע זיינען שטענדיג אַנוועזענד געווען ביי זייערע זיצונגען, און אַז פון צייט צו צייט האָבען זיי זיך מיט אונז באַראַטען וועגען זייער אַרבייט. מיר האָבען פאַר זיי אויך באַוויליגט אַ סומע ביז הונדערט דאָלאַר פאַר די אויסגאַבען, אין וועלכע זיי האָבען זיך גענייטיגט.

2) די פריינד באַסקין און געליעבטער זיינען פון אונז ווידער ערוויילט געוואָרען — דער ערשטער אַלס גענעראַל־סעקרעטער און דער צווייטער אַלס רעקאָרדינג סעקרעטער. זייער אַרבייט אין לעצטען יאָר, פּונקט ווי אין די פריערדיגע יאָרען, איז אויך, אין אַלגעמיין גענומען, געווען פאַר אונז צופרידענשטעלענד.

3) לויט דעם פאַרלאַנג פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָבען מיר באַשטימט אַ ספּעציעלע אַסעסמענט פון 5 סענט פער מיטגליד פאַר דעם 82־טען קוואַרטאַל. לויט אונזער איבערצייגונג, איז דער פאָנד פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, ספּעציעל דעם יאָר, געווען פיל ווייניגער ווי די סומע, וועלכע האָט אונטער אַלע אומשטענדען געמוזט אויסגעגעבען ווערען. מער איינצעלהייטען וועגען דעם באַזונדערען פּונקט וועט איר געפינען אין דעם באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. מיר קענען דאָ בלויז נאָך צוזעצען: עס איז אונזער מיינונג, אַז די איצטיגע קאָנווענשאָן וועט דאַרפען פאַר דעם נעקסטען יאָר אַנדערש באַטראַכטען די פראַגע וועגען אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד, ווייל פאַר אַזאַ ברייט פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַציע ווי דער א. ר. איז אַן אָרגאַניזאַציאָנס־אָפּצאָלונג פון 4 סענט אַ קוואַרטאַל פער מיטגליד אַן אומבאַדייטענדע סומע.

4) כדי צו פייערן אונזער זיג אין מאַסאַטשוזעטס, האָבען מיר באַשלאָסען און געהאַט אַראַנזשירט אַ גראַנד סאָרטיגען באַנקעט פאַר פאַרטרעטער פון ברענטשעס און טוער פון א. ר. פון ניו־יאָרק און אומגעגענד. די צאָלונגען פאַר דעם באַנקעט זיינען געווען, אַזוי צו זאָגען, לויט דעם מאָדוס פון „פּראָטוירנאַל רייטס". מיט דער אויסנאַם פון איינינגע איינגעלאַדענע געסט האָט יעדער ברענטש באַצאָלט פאַר זיינע פאַרטרעטער און יעדער איינצעלנער טוער, פּונקט ווי די מיטגלידער פון אונזער עקזעקוטיווע, האָבען אַליין פאַר זיך געצאָלט. דער יום־טוב איז געווען זעהר אַ שיינער, און אונז פאַרדריסט בלויז וואָס ניט אַלע ברענטשעס פון לאַנד האָבען דאָרט געקענט זיין פאַרטראָטען, ווייל דער זיג אין מאַסאַטשוזעטס איז פאַר אַלע אונזערע ברענטשעס אַ גרויסער יום־טוב, מיט וועלכען אַלע וואָלטען זיך געדאַרפט משמח זיין.

5) דעם לעצטען פּונקט, וועלכען מיר פאַרצייכענען דאָ, האַלטען מיר פאַר דעם וויכטיגסטען, און דערפאַר שטרייכען מיר אים דאָ אונטער גאַנץ באַזונדער. דאָס איז:

### וועגען פּלאַץ פון אונזער הייניגער קאָנווענשאָן

לויט דעם באַשלוס פון לעצטען רעפערענדום, האָט דעם פּלאַץ פאַר דער הייניגער קאָנווענשאָן געדאַרפט זיין אין קאַנאַדע — מיט דאָס רעכט פאַר אונזער עקזעקוטיווע צו באַשטימען אין וועלכער שטאָט. די אָפּשטימונג וועגען זעלבען פּונקט האָט אויך געהאַט קלאָר געמאַכט, אַז אויב דער א. ר. וועט ווערען געזעצליך אין מאַסאַטשוזעטס, דאַן זאָל די קאָנווענשאָן געהאַלטען ווערען אין באָסטאָן.

אונזער טשאַרטער פאַר מאַסאַטשוזעטס האָבען מיר ערשט באַקומען, ווי שוין אויבען געמאָלדען, דעם 31־טען יאַנואַר. ביז דאַן איז פאַר אונז זעלבסט געווען אַ סוד ווען מיר וועלען קריגען דעם טשאַרטער, און צי מיר וועלען אים גאָר קריגען בכלל. עס פאַרשטעהט זיך אָבער, אַז צוגרייטונגען צו קאָנווענשאָן קענען ניט אָפּגעלייגט ווערען ביז די לעצטע וואָכען. אונזער עקזעקוטיווע האָט דאַרום פריער באַשלאָסען צו האַלטען די קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ. און דערצו האָבען מיר אין צייט אָרגאַניזירט דאָרט אַ קאָנווענשאָן קאָמיטע, וועלכע האָט שוין געהאַט אָנגעפאַנגען איר צוגרייטונגס־אַרבייט.

אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער פון טאָראָנטאָ זיינען געווים געווען אין הימעל פון שמחה, וואָס ענדליך וועלען זיי האָבען די ערשטע א. ר. קאָנווענשאָן אין קאַנאַדע — נאָכדעם ווי מיר זיינען אויך דאָרטען ערשט געוואָרען געזעצליך. אָבער באַלד נאָך דעם 31־טען יאַנואַר, ווען מיר האָבען באַקומען דעם טשאַרטער פון מאַסאַטשוזעטס, האָבען מיר דאָך איינשטימיג געפונען פאַר נייטיג צו ענדערען אונזער באַשלוס און צו אַראַנזשירען די קאָנווענשאָן אין באָסטאָן.

עס איז געווען און עס איז אונזער גלויבען, אַז די קאָנווענשאָן פאַר באָסטאָן האָט ניט געטאָרט אָפּגעלייגט ווערען אויף אַ צווייטען יאָר, ווייל אין אַזאַ וויכטיגען אידישען אַרבייטער־שטאָט, ווי מאַסאַטשוזעטס, וואו די גרעניצען זיינען אַלע יאָר ביז איצט געווען פאַרשפּאַרט פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע, טאָרען מיר בכלל קיין מאָמענט ניט פאַרלירען און אַז מיר טאָרען ספּעציעל ניט פאַרביילאָזען אָט דעם מאָמענט פון אונזער גרויסער שמחה, וועלכע האָט אויך געהאַט אין צייט איר ווירקונג אויף די גרויסע אַרבייטער־קרייזען פון מאַסאַטשוזעטס.

מיר שטעלען זיך געווים פאָר, וואָס פאַר אַן אומצופרידענע שטימונג אונזער לעצטער באַשלוס האָט אַריינגעבראַכט צווישען אונזערע פריינד אין טאָראָנטאָ. מיר האָבען זיך ד

ריבער גענומען דאָס רעכט פאַר זיי אויסצודריקען אונזער גלויבען, אַז די איצטיגע באָסטאָנער קאָנווענשאָן וועט געוויס נעכ׳ען אין אַכט זייער היי־יאָריגע „דיסאַפּאָינטמענט“ און וועט אָן ספק באַשליסען, אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל באַשטימט געהאַלטען ווערען אין טאָראָנטאָ.

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם פּונקט באַזונדער, ווייל עס איז אונזער וואונש, אַז די דעלעגאַטען צו אונזער קאָנווענשאָן זאָלען צו דעם שענקען זייער געהעריגע אויפמערקזאַמקייט.

## עטליכע באַמערקונגען וועגען קולטורעלער טעטיגקייט און אַנדערע פראַגען

ביז אַהער אין דעם באַריכט האָבען מיר אַלץ אָנגערירט איינינגע אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען, אויסלאָזענדיג דערביי אַלע פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט אונזער מוסטערהאַפטער אינסטיטוציע — דעם סאַניטאַריום; מיט פאַרשידענע גריווענס־קייסעס; וועגען בענעפיט צאָלונגען און בענעפיט פאָנדס; וועגען אָפיס אַנגעלעגענהייטען און ענליכע פראַגען. הגם אָט די אַלע פראַגען האָבען פאַרנומען אַ היבשע ביסעל צייט פון אונזערע עקזעקוטיוו זיצונגען. מיר זיינען דאָס אַלץ פאַרבייגעגאַנגען, ווייל מיר ווילען דאָ ניט ווידערהאָלען דאָס, וואָס עס ווערט באַזונדער איבערגעגעבען אין די באַריכטען פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס. מיר קענען דערצו בלויז באַמערקען, אַז מיר קענען אַלע זיין נאָך מער ווי צופרידען מיט די היי־יאָריגע רעזולטאַטען אין אַלע אונזערע דעפּאַרטמענטס; מיט דער גאַנץ אָנגענעמער אָרדענונג אין אונזער סאַניטאַריום; מיט דעם אויסגאַנג פון פילע גריווענס־קייסעס; מיט דעם גרויסען וואוקס אין סורפּלוס פון אונזער בענעפיט פאָנד, און דאָס זעלבע אין אונזערע רעזערוו און טויטען פאָנדס.

ווען ניט דער מאַנגעל אין פּלאַץ, וואָלטען מיר זיך אין דעם באַריכט, אָן שום ספק, געדאַרפט באַזונדערס אָפּשטעלען אויף דער פראַגע וועגען אונזער קולטורעלער טעטיגקייט. דערפאַר ווייל אין אונזער קולטורעלער טעטיגקייט זיינען מיר שוין פון אַ לענגערער צייט צוריק גאַנץ ווייט אַריבער די גרעניצען פון געוויינטליכער עדיוקיישאָנאַל אַרבייט פון אַן אָרגאַניזאַציע; אונזער טעטיגקייט אויף דעם געביט האָט שוין לאַנג אָנגענומען אַ ברייטען געזעלשאַפטליכען בילדונגס־כאַראַקטער, און מען קען דאָס דעריבער אפשר ניט אויסשליסען פון קיין אַלגעמיינעם באַריכט. אָבער צוליב דעם אָנגעגעבענעם מאָטיוו, קענען מיר אין דעם פּרט אויך קיין אויסנאַם ניט מאַכען, און מיר געהען דאָ דאַרום גלייך איבער צו אַן אַנדער טייל פון באַריכט.

## וועגען אונזער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט

וועגען דער טייל פון אונזער אַרבייט קענען מיר זיכער זאָגען, אַז אויב וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער אַ. ר. אויף אַנדערע געביטען קאָן מען קיין פאָלשטענדיגען באַריכט ניט איבערגעבען, איז דאָס וועגען אונזער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט געוויס אוממעגליך. מיר וועלען דאַרום וועגען דעם אויך בלויז אין קורצען פאַרצייכענען איינינגע פּונקטען.

צוערשט וועגען אַ פּאָר פראַגען פון פּרינציפּיעלער אָדער טאַקטישער באַדייטונג:

אין אונזער פאַרבינדונג מיט דער ראַדיקאַלער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט האָבען מיר פאַר זיך לעצטען יאָר געהאַט אַ ריי פּונקטען, וועלכע זיינען ניט געוועזען קיין באַשטימטע פראַגען פון אַרבייט, נאָר אויך פראַגען, וועלכע האָבען פריער פאַר אַלץ געפאָדערט אַ פּרינציפּיעלע אָדער טאַקטישע אַנטשיידונג. און עס פרייט אונז צו באַריכטען, אַז בכלל אין אַזעלכע פאַלען האָבען מיר דעם יאָר אין צייט געהאַט אונזער אַנטשיידונג, און לויט אונזער גלויבען איצט האָבען מיר אין אַלע אונזערע פאַרהאַנדלונגען ריכטיג אָפּגעשאַצט די אָדער יענע פראַגע, און אַז מיר האָבען ניט געהאַט קיין טעות אין אונזערע אַנטשיידונגען. מיר גיבען דאָ איבער וועגען צוויי אַזעלכע פאַלען:

1) אין מאַי 1920 האָבען מיר פאַר זיך געהאַט אַן איינלאַדונג פון דער פאַראַיאָריגער אידישער קאָנגרעס קאָמיטע צו דער צווייטער זיצונג פון קאָנגרעס, וועלכע איז געהאַלטען געוואָרען דעם 30־טען מאַי אין פילאַדעלפיא. נאָך אַן ערנסטער פאַרהאַנדלונג וועגען דעם האָט אונזער עקזעקוטיווע ראַן איינשטימיג באַשלאָסען אין דעם קאָנגרעס זיך ניט צו באַטייליגען, און אונזער דעלעגאַט, וועלכער איז געוועזען ערווייִלט פאַר דער ערשטער זיצונג פון קאָנגרעס, איז צוריקגעצויגען געוואָרען. די מאָטיווען פון אונזער באַשלוס זיינען אין קורצען אין דער פאָרם פון אַ רעזאָלוציע, ראַן פאַרעפענטליכט אין דער פרעסע.

2) פאַר דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע איז פאַר אונז אַנשטאַנען די פראַגע, וועלכע איז ראַן געוועזען אויפ׳ן טאָגעס־אָרדנונג, וועגען דער באַציהונג פון דער פּיפּעלס רעליף צו דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע. אונזער עקזעקוטיווע האָט ראַן גאַנץ לאַנג די פראַגע דעבאַטירט. דערביי האָבען מיר געווים גענומען אין אַכט די רעזאָלוציע אין דער אַנגעלעגענהייט, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען ביי אונזער לעצטער נוארקער קאָנווענשאָן, און אין איינקלאַנג מיט דער רעזאָלוציע האָבען מיר באַשלאָסען, אַז אויב ביז דער רעליף קאָנווענשאָן וועט די דזשאָינט ניט אָננעמען — אַז אַ געוויסער פּראָצענט פון די געזאַמעלטע רעליף־געלדער זאָל איבערגעשיקט ווערען דירעקט צו די אַרבייטער רעליף אָרגאַניזאַציעס פון אייראָפּאַ — דאַן זאָל די פּיפּעלס רעליף זיך אָפּטיילען פון דזשאָינט און אָנפאַנגען אַ זעלבסטשטענדיגע רעליף־אַרבייט. אונזערע 15 דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן זיינען באַאויפטראַגט געוואָרען צו האַנדלען און צו שטימען אין גייסט פון דעם אָנגענומענעם באַשלוס. עס איז קיין ספק, אַז אונזער אַנטשיידונג אין דעם פאַל האָט געהאַט אַ גאַנץ באַדייטענדע ווירקונג, סיי פריער ביי דער רעליף קאָנווענשאָן און נאַטירליכערווייזע אויך גלייך נאָך דער קאָנווענשאָן, ווען די דזשאָינט האָט באַשלאָסען, אַז איין־דריטעל פון די געזאַמעלטע געלדער פון יעדער רעליף אָפּטיילונג זאָל קענען פון זיי דירעקט באַנוצט ווערען פאַר קולטורעלע צוועקען אין די מלחמה־לענדער, פאַר יענע טיילען פון באַפעלקערונג, אין וועלכער די אָדער יענע רעליף־אָפּטיילונג איז פאַראינטערעסירט.

## רעליף־טעטיגקייט

ווייטער, אַלס איינעם פון די פּונקטען וועגען אונזער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, קענען מיר ווידער באַצייכענען אַלס דעם ערשטען פּונקט אונזער רעליף־אַרבייט.

אין דעם פאַראַיאָריגען באַריכט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע איז שוין געזאָגט געוואָרען, אַז עס איז אַ גרויסער צווייפעל, אויב ווער עס איז וועט אַמאָל קענען אונטערציהען דעם סך־הכל אונטער דער סומע, וועלכע דער אַ. ר. האָט געזאַמעלט און בייגעשטייערט פאַר די מלחמה און פּאָגראָם קרבנות. נאָך דעם היינטיגען יאָר קענען מיר צו דעם בלויז צוזעצען, אַז ניין — עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט. עס וועט קיינמאָל קיין סך־הכל ניט אונטערגעצויגען ווערען, ווייל די סומען זיינען אַזוי גרויס און אַזוי פיל, אַז עס וועט קיינמאָל ניט מעגליך זיין זיי צו באַרעכענען. ניט קוקענדיג אויפ׳ן ביטערען עקאָנאָמישען קריזיס, האָבען אונזערע בראַנטשעס דעם יאָר פאָרטגעזעצט זייער רעליף־טעטיגקייט כמעט אָן קלענערע רעזולטאַטען ווי אין די יאָרען פון פּראָספּעריטי. דער אַ. ר. איז פאַקטיש דער רוקען־ביין פון די מערסטע רעליף־אָרגאַניזאַציעס פון לאַנד. אין יעדען רעליף־קאַמפּיין, אומעטום, זיינען אונזערע מיטגלידער די אַקטיווסטע טוער; מען זאַמעלט און מען שיקט גרויסע סומען צו לאַנדסמאַנשאַפטען, דירעקט צו דער פּיפּעלס רעליף, און זאָגאָר אָפּט, צוליב געוויסע פאַרבינדונגען, פאַר דער סענטראַל, אָדער אַמעריקאַן רעליף קאָמיטעס.

אָבער חוץ דעם אַלעם האָט אונזער עקזעקוטיווע אויך דעם יאָר באַשלאָסען און אָנגעפירט אַ רעליף־קאַמפּיין. מיר האָבען אויך דאָס מאָל אָפּגעשאַצט די לאַגע און פאַרשטאַנען, אַז גראָד ווייל עס איז אַזאַ קריזיס דאָ און ווייל די נויט פון די ליידענדע אידישען פאָלקס־מאַסען איז נאָך אַזוי גרויס דאָרט, מוזען מיר אָנשטרענגען אונזער ענערגיע איצט נאָך מער ווי פריער. עס איז אויך דעם יאָר געוועזען דער וואונש און דער באַשלוס פון אונזער עקזעקוטיווע צו שאַפען ווידער אַ ספּעציעלע סומע פון 75 טויזענט דאָלאַר דורך אונזער צענטראַלען אָפיס, אויסער די גרויסע סומען, וואָס ווערען אויף אַנדערע אופנים געשאַפען פון אונזערע בראַנטשעס.

די אָנשטרענגונג איז פון אונז געמאַכט געוואָרען און די רעזולטאַטען זיינען זעהר צופרידענע. ביז דעם טאָג, ווען דער דאָזיגער באַריכט ווערט געשריבען, האָבען מיר שוין אַריינגעקראָגען אין אונזער אָפיס אַרום 40 טויזענט דאָלאַר. מיר האָפען, אַז ביז דעם טאָג פון קאָנווענשאָן, און מיט די סומען, וואָס געפינען זיך נאָך איצט ביי די בראַנטשעס פאַר דעם צוועק, וועט אונזער סומע פון 75 טויזענט כמעט דערגרייכט ווערען.

מיר בעטען ביי דער געלעגענהייט אַלע אונזערע בראַנטשעס, וועלכע האַלטען ביי זיך געזאַמעלטע געלדער פאַר דעם פאָנד,

אַז זיי זאָלען דאָס וואָס פריער אריינשיקען אין אונזער אָפיס.

אויסער דעם 75 טויזענט דאָלאר קאַמפּיין איז ווערט איבערצונעבען נאָך עטוואָס, וואָס האָט אַ באַדייטונג אַלס רעליף־טעטיגקייט.

אין דער צייט פון דעם קליידער־קאַמפּיין פאַר דער פּיפּעלס רעליף אין ניו־יאָרק האָבען מיר פאַרעפענטליכט איינינע אַפּילס צו אונזערע מיטגליעדער, און אַ דאַנק זייער אָפּרוף און מיטהילף, איז דער קאַמפּיין געווען אַן ערפאָלגרייכער.

אין דעם באַריכט פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע ווערט איר ווידער געפינען וועגען אַ ספּעציעלען 5 טויזענט דאָלאר קאַמפּיין דורך די קינדער פון אונזערע אַ. ר. שולען, פאַר די קינדער־שולען פון די אייראָפּעאישע לענדער.

און אין די לעצטע עטליכע וואָכען האָט איר שוין אויך געהאַט די געלעגענהייט באַקאַנט צו ווערען וועגען דער ספּעציעלער א. ר. מעדיצינישער רעליף קאָמ. פאַר רוסלאַנד. און עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז אַט די לעצטע קאָמיטע, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון די אַקטיווסטע טוער פון א. ר., וועט זיכער שאַפען דעם פאָנד, וועלכען זיי האָבען זיך אונטערנומען.

אונזער עקזעקוטיוו קאָמיטע איז אויך געווען פאַרטראָטען ביי דער עקזעקוטיוו קאָמיטע און אין דער אדמיניסטריישאָן קאָמיטע פון דער פּיפּעלס רעליף, און אויף אַזאַ אופן האָבען מיר אויסער אונזערע אייגענע אַלע רעליף־קאַמפּיינס גענומען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער אַלגעמיינער רעליף־באַוועגונג.

## אונזערע באַציהונגען צו די אַנדערע טיילען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג

וועגען אונזערע פאַרבינדונגען און מיטהילף צו אַלע אַנדערע טיילען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין לעצטען יאָר ווועט זיין גענוג צו פאַרצייכענען פאָלגענדע פּונקטען:

1) אין צייט פון ס. פּ. „טעג“־טאָג פאַר דעם פּאָליטישען קאַמפּיין האָבען מיר אַרויסגעלאָזט אַן אַפּיל פאַר וואָלונטירען, וועלכע האָבען זיך אָפּגערופען און באַטייליגט אין די זאַמלונגען.

2) די סומע פון 2 טויזענט דאָלאר, וועלכע איז באַשטימט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן פאַר דער אַמנעסטיע באַוועגונג, האָבען מיר פאַרטיילט צווישען אייניגע רעפּענס אָרגאַניזאַציעס.

3) כדי צו העלפען וועקען דעם מוט און די געפילען פאַר שטיצע אין צייטען פון קאַמף צווישען אַרבייטער און בעלי־הבתים, האָבען מיר געשיקט ספּעציעלע באַגריסונגען צו

א. די פאַריער סטרייקערס.
ב. אַמאַלגאַמייטעד סטרייקערס,
ג. לידיס ווייסט סטרייקערס.

4) מיר האָבען אינדאָרסירט אַן אַפּיל פאַר אַ טעגליכער ענגלישער סאָציאַליסטישער צייטונג אין שיקאַגאָ.

5) אין משך פון יאָר זיינען מיר געווען פאַרטראָטען ביי פאָלגענדע קאָנווענשאָנס און קאָנפערענצען:

א. קאָנווענשאָן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע.
ב. קאָנווענשאָן פון אידישע קאָאָפּעראַטיוועז.
ג. קאָנווענשאָן פון פּיפּעלס רעליף.
ד. קאָנפערענץ פון נעטשוראַליזיישאָן עיד ליג.
ה. ביי די הירינגען פאַר אַמנעסטיע אין וואַשינגטאָן (צוויי מאָל).
ו. קאָנפערענץ געגען דער בלאָקאַדע אויף רוסלאַנד.
ז. ביי דער רעגעלער און שפּעטער ביי דער ספּעציעלער קאָנווענשאָן פון אונזער לייבאָר־ליג.
ח. ביי דער ס. פּ. קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק.

עס וועט אָפּשר אויך ניט זיין איבעריג דאָ צוצוגעבען, אַז מיר זיינען אויך געווען פאַרטראָטען ביים קבלת־פּנים פאַר גען. מעדעם אַלס פאַרטרעטער פון „בונד“ אין פּוילען; ביים 50־יעריגען יובילייאום־פייערונג פון גען. באַראָף, גענעראַל־סעקרעטער פון דער אינטערנעשאָנאַל ל. ג. וו. י.; ביים באַנקעט לכבוד דער ערוויילונג פון גען. לאָנדאָן צום קאָנגרעס, און ביי אַ שמחה לכבוד דער ווידערערשיינונג פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע“.

מיר וואָלטען געוויס וועלען זיך אָפּשטעלען אין אונזער באַריכט אויף נאָך אַ רייע פּונקטען. מיר וואָלטען ספּעציעל וועלען כאָטש אין עטליכע אַלגעמיינע שטריכען אָנווייזען ווייניגסטענס אויף דער טעטיגקייט פון פילע ברענטשעס איבער'ן לאַנד, אַ דאַנק דער ווירקונג פון אונזער עקזעקוטיווע. נאָר מיר מוזען שליסען אונזער באַריכט, ווייל דער פּלאַץ איז באַשרענקט און ווייל וועגען דעם, וואָס ווערט געטאָן אין דעם א. ר., איז אוממעגליך צו באַריכטען.

צום שלוס ווילען מיר נאָך דאָ בלויז באַמערקען, אַז די באַציהונגען צווישען אונז מיט דער נאַציאָנאַלער באָרד אַף די־רעקטאָרס זיינען געווען די פריינדליכסטע, און אַז יעדער איינציגער פון זיי, פּונקט ווי מיר אַלע, האָבען מיט זייער ערנסטער איבערגעגעבענקייט גאָר פיל ביינעשטייערט אין אַלע אונזערע אויפטואונגען.

אין אַלגעמיין — וועגען סך־הכל פון יאָר — זיינען מיר זיכער, אַז אַלע פריינד פון א. ר. מעגען זיך מיט דעם גראַטולירען. אונזער ערפאָלגרייכע אַרבייט דעם יאָר האָט פאַר אונז בלויז נאָך אַמאָל, נאָך זיכערער, פעסטגעשטעלט די גרויסע מאַכט פון דעם אַרבייטער־אָרדען, וועלכען מיר אַלע האָבען מיט אַזוי פיל אָפּערווילינקייט געבויט.

זייט געגריסט, פריינד דעלעגאַטען און מיטגלידער פון אונזער אַרבייטער־רינג! מיר שטעהען ביי דער היינטיגער קאָנווענשאָן, ביי דער פאַרווירקליכונג פון אונזער וואונש — פאַר איין אַרבייטער־רינג אין אַמעריקא. זאָל אונזער ענערגישע אַרבייט ווייטער פאַרטגעזעצט ווערען פאַר דער פאַרווירקליכונג פון אונזער העכסטען וואונש — פאַר איין אַרבייטער־רינג איבער דער גרויסער וועלט.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע.

## רעקאָמענדיישאָנס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג

### פון דער נאַצ. בענעפיט־קאָמיטע

1. איינפירען קלאַסען פאַר קראַנקען בענעפיט, ווי עס איז דאָ קלאַסען פאַר טויטען בענעפיט. די צאָלונגען אַ וואָך פאַר קראַנקען בענעפיט זאָל זיין 6, 9, 12 און 15 דאָלער.

### פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

1. צו העכערען דעם אויפהאַלטונגס־פאָנד מיט 5 סענט פער קוואַרטאַל.

### פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

1. העכערען די צאָלונגען צום אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד מיט 2 סענט אַ קוואַרטאַל (אָנשטאָט 4 סענט זאָל זיין 6 סענט).
2. די דעלעגאַטען צו די דיסטריקט־קאָנפערענצען זאָלען קריגען פאַר רייזע־קאָסטען 5 דאָלער, אָנשטאָט 3 דאָלער ווי עס איז איצט.
3. אַרויסצולאָזען אַ מאַניפעסט דעם נעקסטען יאָר, אַז אַלע געשטראָכענע מעמבערס פון אַ יאָר צייט, זאָלען קענען אַריינגענומען ווערען צוריק אַלס נייע מעמבערס, און ניט דאַרפען צאָלען זייערע אַלטע שולדען. דיזער מאַניפעסט זאָל גילטען פון אָקטאָבער 1921 ביז אַפּריל 1922.

### פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

1. אַסעסמענט פאַר'ן „פריינד“־פאָנד זאָל זיין 12 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

### פון דער אָפיס קאָמיטע

1. העכערען דעם אַדמיניסטריישאָן־פאָנד מיט 4 סענט פער מעמבער פער קוואַרטאַל.

### אַלגעמיינע רעקאָמענדאַציעס

1. די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע זאָל נעקסטען יאָר זיין פאַרפליכטעט אָנשטעלען אָרגאַניזערס ווען זי וועט געפינען פאַר נויטיג.
2. צו רעקאָמענדירען, אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען אין טאָראָנטאָ.
3. די קאָנווענשאָן זאָל אַרויסלאָזען אַן אויפרוף צו אַלע מיטגלידער פון דעם „אינדיפּענדענט“ אָנצושליסען זיך אָן דעם אַ. ר.
4. אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַשטימען היינטיגען יאָר 5 טויזענד דאָלאַר פאַר האָספּיטאַלס, ווי אין די פריערדיגע יאָרען.
5. ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דער עקזעקוטיווע, אַז די קאָנסטיטושאָן קאָמ. האָט אין דער נייער קאָנסטיטושאָן אַרויסגעוואָרפען דעם פּונקט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען ביי אַ רעפערענדום, אַז אין דער עקזעקוטיוו קען אַ מיטגליד זיין ניט מער ווי 3 יאָר צייט נאָכאַנאַנד.

# באַריכט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פ. יודיטש, טשערמאַן; י. עג׳עריק, וויס־טשערמאַן;
ל. דינערשטיין, ב. זאַלצמאַן און ב. קרינסקי.

צו די דעלעגאַטען פון דער 21־טער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג.

ווערטע פריינד:

איבערצוגעבען פאַר אייך דאָ אַ פאָלשטענדיגען באַריכט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, איז אַן אוממעגליכקייט. דאָס איז הויפּטזעכליך שווער דערפאַר, וואָס אויב די אַרבייט פון אַנדערע דעפּאַרטמענט־קאָמיטעס איז אַ באַשטימטע, איז דאָס אָבער פּאַקטיש ניט דער פאַל מיט דער אַרבייט פון אונזער קאָמיטע. אין די אויפגאַבען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע זיינען כמעט ניטאָ קיין באַשטימטע גרעניצען. מיר האָבען פאַר זיך פּאַקטיש איין ברייטע אויפגאַבע; דאָס איז אויפצופּאַסען אויף אַלע טיילען פון דער אָרגאַניזאַציע, אַז זייער לעבען און טעטיגקייט זאָל ווי ווייט מעגליך אין קיין פּרט ניט געשוועכט ווערען. און דערצו, אָנצואווענדען אַלע מעגליכע מיטלען, כדי אַריינצוברענגען וואָס מער לעבען און אינטערעס אויף צו פאַרברייטערען דעם וואוקס: צוליב דער דאָזיגער אויפגאַבע איז סיי אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע און סיי די דיסטריקט קאָמיטעס פון לאַנד אויסגעקומען זעהר אָפט צו האַנדלען און צו באַטייליגען זיך אין טיילען פון אַרבייט, וואָס האָבען אפשר אַ געזעצליכען שייכות צו אַנדערע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס. אין אונזער באַריכט מוזען מיר אָבער די דאָזיגע אַלגעמיינע טעטיגקייט פאַרביגעהן און צוגעהן בלויז צו די פּונקטען פון אונזער קלאָר־באַשטימטער אַרבייט.

## די אָרגאַניזירונג פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס

אין די ערשטע מאָנאַטען פון יאָר איז פאַר אונז פאַרשטענדליך, פריער פון אַלץ געוועזען נייטיג איינצואָרדנען דעם אַזוי־גערופענעם אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט איבער׳ן לאַנד. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אַן ערך 35 סיטי אָדער דיסטריקט קאָמיטעס. פאַרשטענדליך, אַז אין נאָהענטערע שטעט האָבען מיר ביי די דיסטריקט קאָנפערענצען געהאַט אונזערע פאַרטרעטער. אין די ווייטערע טיילען פון לאַנד, האָבען מיר בלויז געשיקט שריפטליכע אינסטרוקציעס און רעקאָמענדאַציעס — אומעטום ווי דאָס איז געוועזען נייטיג.

אין פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזירונג פון די דיסטריקט קאָמיטעס, ווילען מיר דאָ באַמערקען, אַז מיר האָבען זיך ניט באַנוצט מיט קיין געזעץ פון אונזער קאָמיטע, נאָר מיר האָבען זיך גערעכענט מיט די פאַרלאַנגען פון יעדען טייל פון לאַנד באַזונדער. די מערסטע דיסטריקטען זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען לויט די וואונשען פון די דיסטריקטען גופא. עס איז געוועזען דער שטאַנדפּונקט פון אונזער קאָמיטע, אַז צוליב דעם ערפאָלג פון דער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט, זאָל מען וואָס ווייניגער דיקטירען די בּרענטשעס פון דער אָדער יענער שטאָט — אויב זיי ווילען האָבען אַ באַזונדער סיטי־קאָמיטע פאַר זיך, אָדער צו זיין אָנגעשלאָסען אָן אַ וועלכען עס איז אַנדער דיסטריקט, צו וועלכען זיי האָבען פריער ניט באַלאַנגט. נאַטירליך האָבען מיר זיך דערביי אויך גערעכענט מיט די געאָגראַפישע און אַנדערע מעגליכקייטען.

## קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער

גלייכצייטיג מיט דער אָרגאַניזירונג פון די דיסטריקט קאָמיטעס האָבען מיר געמאַכט אַלע נייטיגע פאַרבאַרייטונגען פאַר אַ נייעם מיטגלידערשאַפט־קאַמפּיין. מיר האָבען זיך דערביי גערעכענט מיט דעם וואונש, אָדער כמעט אינסטרוקציע, וואָס איז געגעבען געוואָרען פון דער 20־טער קאָנווענשאָן, אַז די איצטיגע עקזעקוטיווע זאָל אָנפירען אַ קאַמפּיין פאַר הונדערט טויזענט מיטגלידער אין אַרבייטער־רינג, ביז דער 21־טער קאָנווענשאָן. מיר האָבען דעריבער צוערשט אויסגעאַרבייט און שפּעטער דורכגעפירט פאָלגענדע פּלענער:

1) אַז דער קאַמפּיין זאָל זיך אָנפאַנגען אָפיציעל אין מאָנאַט נאָוועמבער, און אַז צוליב דעם זאָלען אין זעלבען מאָנאַט — אויב נאָר מעגליך — אַראַנזשירט ווערען מאַסען־פאַרזאַמלונגען און קאָנצערטען אין אַלע גרעסערע שטעט פון לאַנד. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען און קאָנצערטען זיינען שפּעטער דורכגעפירט געוואָרען — די מערסטע אין נאָוועמבער און דעצעמבער — אין די פאָלגענדע שטעט:

פיער אין ניו־יאָרק, דריי אין אַלע טיילען פון שטאָט און איין מאַסען־פאַרזאַמלונג מיט פריינד עפּשטיין, באַלד נאָך זיין צוריקקומען פון אייראָפּא — און צו איינע אין די שטעט: באַלטימאָר, פילאַדעלפיא, פּעטערסאָן, נואַרק, האָדסאָן־קאַונטי, האַרטפאָרד, טאָראָנטאָ און האַמילטאָן.

2) אין זעלבען מאָנאַט זאָלען אין דער פּרעסע ערשיינען אַ ריי אַרטיקלען וועגען אַרבייטער־רינג: אויסער קורצערע נאָטיצען און עדיטאָריעל, זיינען אין פאָרווערטס געדרוקט געוואָרען צוויי לענגערע אַרטיקלען, איינער פון גענ. ליליפוט און אַ צווייטער פון גענ. צביון.

3) צוואַנציג טויזענט אַדווערטייזינג ביכלעך און קנאָפּע דריי טויזענט קאַרדס זיינען צוגעגרייט און שפּעטער פאַרשפּרייט געוואָרען דורך די דיסטריקט קאָמיטעס אין אַלע טיילען פון לאַנד.

4) צירקולאַר־בריף זיינען סיסטעמאַטיש און אָפט געשיקט געוואָרען צו די דיסטריקט קאָמיטעס און אַלע בּרענטשעס. כדי צו ציען אָפּטער זייער אויפמערקזאַמקייט צו דער אַרבייט.

5) מיר האָבען באַשטימט פּרעזענטען אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג — אַ פאַונטען פּען אָדער אַ סעט ביכער צו דעם יעניגען, וואָס וועט אַריינברענגען ניט ווייניגער ווי 5 נייע מיטגלידער, און אַ האַלבען פּרייז פאַר אַ קורס אין רענד־סקול, פאַר אַן ערוויילטען מיטגליד פון אַ בּרענטש, וועלכער וועט אַריינגעמען ניט ווייניגער ווי 25 נייע מיטגלידער.

6) מיר האָבען געהאַט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן וועגען שריפטליכער און מינדליכער פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די יוניאָנס. נאָך צוליב דעם עקאָנאָמישען קריזיס און קאַמף, וועלכען די יוניאָנס האָבען מיט אַמאָל באַגעגענט אויף אַ גאַנץ שווערען אופן, איז פּאַקטיש ביז איצט געוועזען אוממעגליך פאַר אונז עפּעס דאָרט צו טאָן.

## אָרגאַניזאַציאָנס־טורס

אין פאַרבינדונג מיט דעם קאַמפּיין, האָבען מיר אויך באַטראַכט די פראַגע וועגען אָרגאַניזאַציאָנס־טורס איבער׳ן לאַנד, ווי דאָס איז דורכגעפירט געוואָרען אין די לעצטע איינציגע יאָר. נאָר הויפּטזעכליך צוליב דעם מאַנגעל אין אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד, וועלכען מיר האָבען היי־יאָר געהאַט — ווי איר וועט דאָס זעהן ווייטער אין דעם באַריכט — האָבען מיר קיין ספּעציעלע אָרגאַניזאַציאָנס־טורס דעם יאָר ניט אַראַנזשירט. אונזערע פאַרטרעטער האָבען אָבער ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען באַזוכט אַ היבשע צאָל שטעט, וואו זיי האָבען געוועקט און גערופען צו טעטיגקייט אין די רייען פון דעם אַרבייטער־רינג. אויסער אַ רייע שטעט אין מאַסאַטשוזעטס, וועגען וועלכע מיר וועלען ווייטער דערמאָנען, האָבען מיר באַזוכט ביז דעם טאָג, ווען דער באַריכט ווערט געשריבען, פאָלגענדע שטעט:

פילאַדעלפיא — 2 מאָל; איסטאָן, פּיטסבורג, איסט פּיטסבורג, ניו־קעסטעל, מאַנעסען, ניו־קענזינגטאָן, ביווער־פאָלס, רעדינג און אַלטונאַ, פּענסילווייניא; פּעטערסאָן — 5 מאָל; האָדסאָן־קאַונטי — 5 מאָל; נואַרק — 3 מאָל; ראָזעל, ניו־בראָנזוויק, לייקוואוד, עליזאַבעט און טרענטאָן, ניו דזשוירזי; ניו־הייווען — 3 מאָל; האַרטפאָרד — 3 מאָל; ניו־בריטיין, ברידזשפּאָרט, נאָרוויטש, ניו־לאָנדאָן און קאָלטשעסטער, קאָנעקטיקוט; ראָטשעסטער, סיראַקיוז צו 2 מאָל. וועסטשעסטער קאַונטי און אָלבאַני, ניו־יאָרק; באַלטימאָר — 2 מאָל; פּאָרטלאַנד און בענגאָר, מעין; ווילמינגטאָן, דעלעווער; פּראָווידענס, ראָוד איילאַנד; טאָראָנטאָ, האַמילטאָן און מאָנטרעאַל, קענעדע, און נאָרפאָלס, ווירדזשיניא.

אויסער די דערמאָנטע שטעט, וועלכע זיינען פון אונז דירעקט באַזוכט געוואָרען, זיינען דורכגעפירט געוואָרען 8

## דער באלאנס איבער פערלוסט פון בראנטשעס און מיטגלידער און געווינען פון די דיסטריקטן אין יאהר 1920

| סיטי און סטייט | צאהל בראנטשעס: אנפאנג יאהר | צאהל בראנטשעס: ענדע יאהר | [illegible] | [illegible] | צאהל מיטגלידער: אנפאנג יאהר | צאהל מיטגלידער: ענדע יאהר | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | אויסגעגעבן פון מיטגלידער דיסטריקט קאמיטעט | באמערקונגען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אלבאני נ. י. | 6 | 6 | — | — | 525 | 491 | — | 34 | 29 | 34 | — | 5 | $124.24 | |
| באפאלא | 3 | 3 | — | — | 408 | 352 | — | 56 | 11 | 48 | — | 37 | 67.05 | |
| וועסטשעסטער | 8 | 9 | 1 | — | 516 | 558 | 42 | — | 80 | 33 | 47 | — | 42.46 | |
| ניו יארק | 237 | 259 | 22 | — | 34374 | 38996 | 4622 | — | 6473 | 2146 | 4327 | — | *2527.22 | (*אויסגענומען אלע אויסגאבען פאר די קאמפיין) |
| סיראקיוז | 5 | 5 | — | — | 480 | 508 | 28 | — | 63 | 22 | 41 | — | — — | |
| ראטשעסטער | 3 | 4 | 1 | — | 644 | 724 | 80 | — | 117 | 13 | 104 | — | 67.05 | |
| האליאק. מאס. | 9 | 9 | — | — | 1343 | 1361 | 18 | — | 151 | 102 | 49 | — | 57.02 | |
| נוארק | 21 | 22 | 1 | — | 2557 | 2791 | 234 | — | 422 | 213 | 209 | — | 188.17 | |
| ניו ברונזוויק | 7 | 7 | — | — | 879 | 927 | 48 | — | 139 | 79 | 60 | — | 8.35 | |
| פאטערסאן | 10 | 11 | 1 | — | 1514 | 1717 | 203 | — | 287 | 67 | 220 | — | 144.75 | |
| פראווידענס ר. א. | 5 | 5 | — | — | 518 | 529 | 11 | — | 53 | 31 | 22 | — | 75.58 | |
| האריסבורג פא. | 12 | 12 | — | — | 774 | 750 | — | 24 | 79 | 69 | 10 | — | 36.14 | |
| פילאדעלפיא | 45 | 45 | — | — | 6321 | 6875 | 534 | — | 1212 | 690 | 522 | — | 513.55 | |
| פיטסבורג | 12 | 14 | 2 | — | 1259 | 1266 | 7 | — | 152 | 130 | 22 | — | 54.00 | |
| ברידזשפארט קאנ. | 5 | 5 | — | — | 566 | 544 | — | 22 | 48 | 41 | 7 | — | 45.13 | |
| הארטפארד | 10 | 10 | — | — | 1243 | 1204 | — | 39 | 98 | 143 | — | 45 | 54.00 | |
| וואטערבורי | 3 | 3 | — | — | 234 | 216 | — | 18 | 16 | 17 | — | 1 | — — | |
| ניו העווען | 7 | 7 | — | — | 957 | 1022 | 65 | — | 119 | 46 | 73 | — | 62.39 | |
| ניו לאנדאן | 4 | 4 | — | — | 189 | 191 | 2 | — | 20 | 14 | 6 | — | — — | |
| דעטראיט מישיגן | 10 | 11 | 1 | — | 1572 | 1490 | — | 82 | 145 | 205 | — | 60 | 5.00.32 | |
| מילוואקי וויסק. | 6 | 6 | — | — | 652 | 607 | — | 45 | 68 | 93 | — | 25 | 168.25 | |
| מיננעאפאליס מיננעסאטא | 9 | 9 | — | — | 599 | 587 | — | 12 | 76 | 81 | — | 5 | 133.50 | |
| [illegible] דיסטריקט | 5 | 5 | — | — | 314 | 286 | — | 28 | 14 | 27 | — | 13 | — — | |
| באלטימאר מד. | 15 | 15 | — | — | 1970 | 2007 | 37 | — | 168 | 199 | — | 31 | 274.70 | |
| ווירדזשיניע דיסטריקט | 6 | 6 | — | — | 572 | 565 | — | 7 | 44 | 40 | 4 | — | 26.85 | |
| שיקאגא איל. | 52 | 54 | 2 | — | 5546 | 4833 | — | 711 | 1168 | 913 | 255 | — | 497.83 | |
| סינסינאטי, אהיא | 6 | 5 | — | 1 | 416 | 420 | 4 | — | 23 | 69 | — | 46 | — — | |
| קליוולאנד | 9 | 9 | — | — | 1025 | 1049 | 24 | — | 126 | 116 | 10 | — | 84.50 | |
| סט. לואיס מאזורי | 4 | 4 | — | — | 358 | 363 | 5 | — | 57 | 39 | 18 | — | 137.65 | |
| קאנזאס סיטי | 5 | 5 | — | — | 412 | 379 | — | 33 | 36 | 63 | — | 27 | 24.87 | |
| אמאהא נעב. | 5 | 6 | 1 | — | 371 | 389 | 18 | — | 73 | 50 | 23 | — | 75.25 | |
| טעקסאס [illegible] | 8 | 8 | — | — | 345 | 350 | 5 | — | 53 | 35 | 18 | — | 83.35 | |
| קאליפארניע דיסטריקט | 7 | 7 | — | — | 720 | 844 | 124 | — | 111 | 88 | 23 | — | 266.56 | |
| סאוט איסטערן דיסטריקט | 6 | 6 | — | — | 506 | 521 | 15 | — | 74 | 46 | 28 | — | 8.35 | |
| מאנטרעאל קאנאדא | 4 | 5 | 1 | — | 563 | 669 | 106 | | 321 | 207 | 114 | — | 155.30 | |
| וויניפעג | 3 | 3 | — | — | 212 | 181 | — | 31 | 24 | 52 | — | 28 | — — | |
| טאראנטא | 9 | 10 | 1 | — | 729 | 876 | 147 | — | 243 | 86 | 157 | — | 252.62 | |

קורצע טורס, לויט דעם פארלאנג פון די דאָרטיגע דיסטריקט קאָמיטעס, אין אַלע שטעט ארום דעטראָיט, פון דעם סעקרעטער פון זייער דיסטריקט, פריינד לעווענסאָן; אין אַלע שטעט ארום פיטסבורג, פון דעם לערער פון פיטסבורגער א. ר. שולע, פריינד באום, און אין א רייע שטעט ביים פאסיפישען ברעג, פון פריינד סיימאָן, דעם סעקרעטער פון קאליפאָרניער דיסטריקט קאָמיטע.

אין ניו־יאָרק גופא האָבען די מיטגלידער פון אונזער קאָמיטע — אויסער די פארטרעטער פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע — באזוכט איבער 30 ברענטשעס ביי פארשידענע געלעגענהייטען. און אומעטום — אין יעדען פאַל — האָבען מיר געזוכט אריינצוברענגען מער לעבען אין די ברענטשעס און צו פארשפרייטען א ברייטע אַגיטאַציע פאַר דעם ארבייטער־רינג.

און אין אונזער אַגיטאַציע האָבען מיר זיך, פארשטענדליך, ניט באגרעניצט בלויז פאַר נייע מיטגלידער, נאָר פאַר יעדער אונטערנעמונג פון דעם ארבייטער־רינג, און פאַר דעם ערפאָלג פון יעדער וויכטיגער טעטיגקייט, וואָס איז נוגע די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־רינג; אונזער קאַמפיין פאַר דעם פאָנד פאַר די מלחמה־ליידענדע, און אַלע אַנדערע קאַמפיינס, צו **וועלכע דער ארבייטער־רינג האָט א נאָענטען שייכות, זיינען** פון אונז שטענדיג באטראכט געוואָרען צוגלייך מיט אונזער קאמפיין פאַר נייע מיטגלידער.

ניט אכטענדיג אויף אַלע אָנשטרענגונגען, האָבען מיר דאָך אין די שפּעטערע מאָנאַטען פון יאנואר און פעברואר איינגעזעהן, אז דער ערפאָלג, הויפּטזעכליך אין דעם קאמפּיין פאַר נייע מיטגלידער, וואַקסט — אָבער ניט אין דער מאָס ווי געוואונשען. און די אורזאכען זיינען פאַר אונז אויך געווען באשטימטע:

ערשטענס, דער ביטערער עקאָנאָמישער קריזיס, וועלכע האָט זיך ווי א שווערע מיטא פּלוצלונג אראָפּגעראָזען אויף דעם רוקען פון די ברייטע מאַסען: דאָס האָט אין לעצטען יאָהר כמעט ווי פאראַליזירט דעם לעבען פון אונזער אָרגאַניזירטער באוועגונג בכלל און, ביז א היבשער מאָס, אויך דעם לעבען אין אונזערע ארבייטער־רינג ברענטשעס בפרט. אַלע די, וואָס זיינען אקטיוו אין אונזערע ברענטשעס, האָבען געפילט און פילען נאָך ביז היינט צו טאָג, אויף ווי ווייט די אַלגעמיינע לאַגע דעם יאָר איז נאָך פיל ווייניגער צוגעפּאסט צו אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט ווי דער פאָריגער יאָר פון פּראָספּעריטי און **ביטערער רעאקציע.**

צווייטענס — און דאָס איז אפשר בכלל ווערט צו נעמען אין אכט:

די שוואַכערע רעזולטאַטען אין אונזער וואוקס דעם יאָר זיינען געוועזן נים אַזוי אין דער צאָל פון נייע צוגעקומענע מיטגלידער, ווי אין דער צאָל פון געשטראָכענע; ביז דעם ערשטען מאַי וועלען מיר אויך דעם יאָר האָבען אריינגענומען ארום 12 טויזענד נייע מיטגלידער. נאָר דערפאַר וועט אָבער די צאָל פון געשטראָכענע זיין גרעסער ווי ערוואַרטעט. און וואָס זיינען די אורזאַכען?

געוויס איז אין דעם פּרט אויך שולדיג דער עקאָנאָמישער קריזיס. אָבער עס איז דאָ נאָך אַ צווייטער פאַקט, וועלכען מען קאָן ניט פאַרזעהן, ווען מיר קוקען זיך בלויז אריין אין די סך־הכל'ס פון נייע און געשטראָכענע מיטגלידער אין די לעצטע 3 יאָר — פון יאַנואַר 1918 ביז יאַנואַר 1921. און אָט זיינען די ציפערן:

| | צאָל פון נייע מעמבערס | | צאָל פון געשטראָכענע | | ריינער צוואוואוקס |
|---|---|---|---|---|---|
| אין 1918 — — | 8,216 | — — | 3,508 | — — | 4,708 |
| " 1919 — — | 16,963 | — — | 4,712 | — — | 12,251 |
| " 1920 — — | 13,011 | — — | 6,551 | — — | 6,460 |

פון אָט די עטליכע ציפערן איז צו זעהן, אַז די צאָל פון געשטראָכענע מיטגלידער וואַקסט ביי אונז ניט פּראָפּאָרציאָנעל לויט דער צאָל פון אונזער אַלגעמיינער מיטגלידערשאַפט, נאָר לויט דער צאָל פון די נייע אריינגעקומענע אין דער צייט פון קאַמפּיינס. מיר מוזען זיך משער זיין, אַז דער שפּרונג אין דער צאָל פון געשטראָכענע פון 3,508 אין 1918 ביז 4,712 אין 1919 איז געקומען הויפּטזעכליך פון די 8,216 נייע מיטגלידער, וועלכע מיר האָבען אריינגענומען אין 1918. און אַז דער ווייטערער שפּרונג אין דער צאָל פון געשטראָכענע, פון 4,712 אין 1919 ביז 6,551 אין 1920, איז געקומען צוליב דער פאַרגרעסערטער צאָל פון 16,963 נייע מיטגלידער, וועלכע מיר האָבען אריינגענומען אין 1919. אויב מיר זאָלען אָננעמען, אַז די שולד פון דער פאַרגרעסערטער צאָל געשטראָכענע אין דער לעצטער צייט איז בלויז דער עקאָנאָמישער קריזיס, דאַן וואָלמען מיר אויך מוזען אָננעמען, אַז די שולד פון דער פאַרגרעסערטער צאָל געשטראָכענע אין 1919 איז דאָס בלויז געווען די דאַמאָלסדיגע פּראָספּעריטי.

און דריטענס, האָבען מיר זיך באַגעגענט מיט נאָך אַ פאַקט, וועלכען מיר האַלטען פאַר וויכטיג דאָ צו דערמאָנען: דאָס איז אַ שטאַרקע געגנערשאַפט פון פילע אַקטיווע טוער אין אונזערע ברענטשעס געגען די קאַמפּיינס פאַר נייע מיטגלידער בכלל. עס איז אמת, אַז קיין געגנער פעלען בכלל ניט אוים אין קיין אָרגאַניזאַציע אין שייכות צו יעדער טעטיגקייט. עס איז אויך אמת, אַז אַזעלכע געגנער זיינען געווען ביי אונז אין מאַנכע ברענטשעס אויך אין די צייטען פון די קאַמפּיינס אין די פאָריגע יאָרען. אָבער אַלס רעזולטאַט פון די זעלבע קאַמפּיינס איז די צאָל פון די געגנער אויך געשטיגען. געוויס זיינען זיי אומגערעכט, ווייל אויב עס איז ריכטיג, אַז אין צייט פון קאַמפּיינס קומען אויך אַפּט אריין ניט קיין פּאַסענדע מיטגלידער, איז אָבער אויך ריכטיג, אַז די זעלבע געהען גלייך אַוועק פון אונז, ווי דאָס איז שוין פון אונז אויבען אָנגעוויזען. און אַ גרויסע צאָל פּאַסענדע מיטגלידער בלייבען פאָרט אין אונזערע רייען: געוויס איז דאָס בכלל אַ טעות פון וועמען עס איז צו דענקען, אַז אַזאַ גרויסע אָרגאַניזאַציע ווי דער ארבייטער־רינג זאָל קענען זאָגאָר אויף אַ מינדעסטען איפּן געשעדיגט ווערען פון דעם אָדער יענעם נייען מיטגליד, אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז אַזעלכע געגנער זיינען פאָרט פאַראַן שוין אַביסעלע מער ווי געוויינטליך.

## קאָנפערענצען און באַראַטונגען

האָבענדיג אין אויג אָט די אָנגעוויזענע פאַקטען, האָבען מיר גאַנץ אָפט באַטראַכט די לאַגע און ווייטער געטאָן אַליץ, וואָס איז נאָר געווען מעגליך אונטער די אומשטענדען: מיט דער הילף פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין ניו־יאָרק, האָבען מיר גערופען אַ רייע קאָנפערענצען פון ברענטש באַאַמטע אין גרייטער ניו־יאָרק: אין די נאָענטערע דיסטריקטען ארום ניו־יאָרק האָבען מיר גערופען ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען פון די דיסטריקט קאָמיטעס און געשיקט צו זיי אונזערע פאַרטרעטער; אין אַ געוויסער צאָל שטעט האָבען מיר גערופען ספּעציעלע ברענטש־מיטינגען אָדער דזשאָינט מיטינגען. און אומעטום האָבען מיר קלאָר געמאַכט די לאַגע און אָנגעוויזען

## ארגאניזאציאנס פאנד

איינקונפט און אויסגאבען פאר דעם יאהר 1920 און

א פארגלייך מיט די יאהרען 1917, 1918, 1919 און 1920:

| | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 |
|---|---|---|---|---|
| איינקונפט: | | | | |
| ביים פון נאמבערס | $4664.25 | $6480.09 | $7328.52 | $11142.12 |
| פארלוסט פון צוריקגעשטעלטע נאמבערס | 105.73 | 63.54 | 106.18 | 193.22 |
| נעטא איינקונפט | $4558.52 | $6416.55 | $7222.34 | $10948.90 |
| אויסגאבען: | | | | |
| ניו יארק סטעיט | $1047.57 | $867.12 | $1076.08 | 1983.95 |
| ניו דזשוירזי סטעיט | 278.09 | 210.62 | 545.49 | 410.29 |
| פענסילווייניא סטעיט | 419.26 | 518.75 | 607.81 | 607.69 |
| קאנעקטיקוט סטעיט | 257.76 | 212.78 | 307.50 | 161.52 |
| מערילאנד סטעיט | 73.86 | 142.20 | 88.71 | 274.70 |
| אילינאיז סטעיט | 181.90 | 238.45 | 487.85 | 440.23 |
| ראוד איילאנד סטעיט | 47.69 | 74.52 | 67.88 | 85.58 |
| מישיגען סטעיט | 95.04 | 142.58 | 337.68 | 440.32 |
| אהייא סטעיט | 17.00 | 64.50 | 103.70 | 98.75 |
| וויסקאנסין סטעיט | 98.60 | 78.50 | 151.25 | 168.25 |
| מיזורי סטעיט | 41.50 | 38.30 | 134.91 | 162.52 |
| מינעסאטא סטעיט | 28.20 | 1.35 | 20.22 | 26.85 |
| מאסאטשוסעטס סטעיט | 146.62 | 196.55 | 285.60 | 133.50 |
| דיסטריקט אוו קאלאמביא | 42.46 | — | — | — |
| מיין סטעיט | 74.55 | 77.78 | 64.80 | — |
| טעקסאס און לואיזיאנא סטעיטס | — | 92.35 | 5.56 | 83.35 |
| [illegible] | — | — | 21.85 | 75.25 |
| [illegible] | 156.85 | 133.80 | 380.70 | 458.52 |
| קאליפארניא סטעיט | 42.00 | 66.52 | 67.81 | 267.07 |
| [illegible] | — | — | — | 8.35 |
| אלגעמיינע ארגאניזאציאנס ארבייט: | | | | |
| ארגאנייזערס 13 פראצענט פון נעטא איינקונפט | 239.45 | 184.35 | 832.15 | 1431.23 |
| פאסטעדזש | 695.43 | 681.25 | 790.50 | 984.00 |
| [illegible] | 466.97 | 545.61 | 732.24 | 526.28 |
| [illegible] | 308.00 | 256.00 | 450.50 | 354.75 |
| [illegible] | 58.87 | 128.75 | 367.10 | [illegible] |
| [illegible] | 10.13 | 11.07 | 27.03 | [illegible] |
| [illegible] | 9.80 | 36.00 | 26.20 | 940.20 |
| [illegible] | 1.26 | — | 12.53 | 47.63 |
| [illegible] | 1.56 | — | 19.16 | 30.86 |
| [illegible] | 38.75 | 42.00 | 185.29 | 142.97 |
| [illegible] | — | 9.00 | 50.00 | — |
| [illegible] | — | 18.50 | — | — |
| [illegible] | — | 170.10 | 319.82 | 551.88 |
| [illegible] | — | — | — | 60.63 |
| טאטאל אויסגאבען | 4881.17 | 5838.80 | 8517.42 | 11401.17 |
| דעפיציט פאריג יאהר | 322.15 | — | 1295.08 | 952.27 |
| דעפיציט פון היינטיגן יאהר | 296.07 | 618.72 | 40.97 | 1336.05 |
| באלאנס פאר'ן יאהר | — | 577.75 | — | — |
| טאטאל דעפיציט | 618.72 | 40.97 | 1336.05 | 2288.32 |

ווי וויכטיג עס איז פאַר יעדען ערנסטען ארבייטער־רינג מיט[...] גליד צו מאַכען אַלע אָנשטרענגונגען פאַר יעדען ערפאָלג אי[...] דער איצטיגער שווערער צייט.

און מיר קענען זאָגען, אַז דער סך־הכל פון די אָנשטרענ[...] גונגען איז דאָך ניט געגאַנגען פאַרלאָרען: ביז דעם טאָג פו[...] אונזער קאָנווענשאָן וועלען מיר אָן ספק האָבען ארום 12 טוי[...] זענט נייע אָנגעשלאָסענע מיטגלידער אין אונזער ארבייטער[...] רינג. און ניט קוקענדיג אויף דער גרעסערער צאָל געשטראָ[...] כענע, וועלען מיר דאָך האָבען אַ צוואוואוקס פון נאָענט צו[...] טויזענט אין אונזערע רייען. מיר גלויבען, אַז אונטער די אומ[...] שטענדען איז דאָס אַ געווינס, מיט וועלכען אַלע פריינד פון דע[...] ארבייטער־רינג קענען זיך פרייען.

## אין מאַסאַטשוזעטס

אין די לעצטע מאָנאַטען פון אונזער יאָר טעטיגקייט הא[...] זיך, ווי איר ווייסט, פאַר אונז געעפענט אַ נייער פעלד פ[...] ארבייט: דאָס איז דאָס גרויסע פעלד פון מאַסאַטשוזעט[...] נאָכדעם ווי די דאָזיגע פעסטונג איז פון ארבייטער־רינג ג[...] נומען געוואָרען.

ביז דער פאַראייניגונג פון דעם לייבאָר־ליג מיט דעם א[...] בייטער־רינג וועט ניט געשלאָסען ווערען, קאָן מען אפשר ס[...] גרויסע רעזולטאַטען פון מאַסאַטשוזעטס פאַר אונזער אַ.

## אינטערעסאַנטע ציפערן וועגן די רעגיסטרירטע מעמבערס

(פאַרגלייכענדע טאַבעלן פאַר די יאָהרען 1918, 1919 און 1920)

| עלטער | צאָהל מעמבערס 1920 | 1919 | 1918 | עלטער | פּראָצענט 1920 | 1919 | 1918 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 18 | 42 | 16 | 2 | 18 | 60.9 | 20.3 | 4.4 |
| 19 | 122 | 25 | 18 | 19 | 51.5 | 15.0 | 12.0 |
| 20 | 248 | 63 | 72 | 20 | 49.7 | 16.6 | 15.2 |
| 21 | 342 | 101 | 92 | 21 | 41.2 | 11.9 | 10.7 |
| 22 | 440 | 143 | 156 | 22 | 30.9 | 9.9 | 11.7 |
| 23 | 463 | 204 | 183 | 23 | 22.6 | 9.9 | 9.7 |
| 24 | 471 | 239 | 240 | 24 | 17.6 | 8.9 | 10.2 |
| 25 | 470 | 262 | 282 | 25 | 13.8 | 8.2 | 9.2 |
| 26 | 410 | 293 | 259 | 26 | 11.2 | 7.8 | 8.6 |
| 27 | 387 | 324 | 258 | 27 | 9.2 | 8.7 | 8.3 |
| 28 | 464 | 297 | 232 | 28 | 10.4 | 7.5 | 6.6 |
| 29 | 334 | 270 | 266 | 29 | 7.9 | 6.5 | 6.6 |
| 30 | 343 | 300 | 265 | 30 | 7.3 | 6.2 | 6.4 |
| 31 | 155 | 240 | 234 | 31 | 3.3 | 5.5 | 5.8 |
| 32 | 246 | 220 | 237 | 32 | 4.9 | 4.7 | 5.7 |
| 33 | 232 | 235 | 218 | 33 | 4.8 | 5.1 | 5.4 |
| 34 | 205 | 259 | 175 | 34 | 4.2 | 5.5 | 4.8 |
| 35 | 236 | 193 | 160 | 35 | 4.7 | 4.5 | 4.9 |
| 36 | 181 | 161 | 132 | 36 | 4.0 | 4.6 | 4.2 |
| 37 | 169 | 170 | 135 | 37 | 4.3 | 4.7 | 5.0 |
| 38 | 132 | 150 | 103 | 38 | 3.4 | 4.9 | 3.9 |
| 39 | 74 | 132 | 88 | 39 | 2.3 | 4.3 | 4.0 |
| 40 | 54 | 99 | 72 | 40 | 1.7 | 3.4 | 3.9 |
| 41 | 36 | 74 | 56 | 41 | 1.6 | 3.8 | 3.7 |
| 42 | 33 | 52 | 33 | 42 | 1.7 | 3.1 | 2.5 |
| 43 | 22 | 54 | 29 | 43 | 1.3 | 3.7 | 2.7 |
| 44 | 21 | 41 | 17 | 44 | 1.4 | 3.4 | 1.9 |
| 45 | 7 | 34 | 17 | 45 | 0.6 | 3.7 | 2.3 |
| 46 | — | 22 | 8 | 46 | — | 3.0 | 1.4 |
| 47 | — | 13 | 16 | 47 | — | 2.3 | 3.3 |
| 48 | — | 8 | — | 48 | — | 1.7 | — |
| 49 | — | 8 | 4 | 49 | — | 2.2 | 1.4 |
| 50 | — | 5 | 4 | 50 | — | 1.8 | 1.8 |
| 51 | — | — | 2 | 51 | — | — | 1.3 |
| 52 | — | 1 | 2 | 52 | — | 0.7 | 1.5 |
| 53 | — | 1 | — | 53 | — | 0.7 | — |
| 54 | — | 1 | — | 54 | — | 1.1 | — |
| 55 | — | — | — | 55 | — | — | — |
| 56 | — | — | — | 56 | — | — | — |
| 57 | — | 1 | — | 57 | — | 8.3 | — |
| 58 | — | — | — | 58 | — | — | — |
| 59 | — | — | — | 59 | — | — | — |
| 60 | — | 1 | — | 60 | — | 30.8 | — |
| צוזאַמען | 6339 | 4712 | 4067 | | — | — | — |

**ווי לאַנג די מעמבערס געהערען צום אַרבייטער רינג**

| צייט | צאָהל מעמבערס 1920 | 1919 | 1918 |
|---|---|---|---|
| ווייניגער פון 6 מאָנאַטען | 720 | 600 | 366 |
| צווישען 6 מאָנאַטען און 1 יאָהר | 1312 | 857 | 484 |
| צווישען 1 יאָהר און 2 יאָהר | 1565 | 781 | 1196 |
| צווישען 2 יאָהר און 3 יאָהר | 603 | 770 | 534 |
| צווישען 3 יאָהר און 4 יאָהר | 647 | 391 | 316 |
| צווישען 4 יאָהר און 5 יאָהר | 332 | 244 | 252 |
| צווישען 5 יאָהר און 6 יאָהר | 259 | 213 | 200 |
| צווישען 6 יאָהר און 7 יאָהר | 186 | 183 | 146 |
| צווישען 7 יאָהר און 8 יאָהר | 150 | 120 | 116 |
| צווישען 8 יאָהר און 9 יאָהר | 106 | 110 | 157 |
| צווישען 9 יאָהר און 10 יאָהר | 92 | 148 | 141 |
| צווישען 10 יאָהר און 11 יאָהר | 127 | 120 | 66 |
| צווישען 11 יאָהר און 12 יאָהר | 103 | 57 | 41 |
| צווישען 12 יאָהר און 13 יאָהר | 47 | 52 | 13 |
| צווישען 13 יאָהר און 14 יאָהר | 43 | 7 | 12 |
| צווישען 14 יאָהר און 15 יאָהר | 8 | 12 | 10 |
| צווישען 15 יאָהר און 16 יאָהר | 16 | 28 | 5 |
| צווישען 16 יאָהר און 17 יאָהר | 14 | 4 | 5 |
| צווישען 17 יאָהר און 18 יאָהר | 5 | 8 | 5 |
| צווישען 18 יאָהר און 19 יאָהר | 2 | 2 | 2 |
| צווישען 19 יאָהר און 20 יאָהר | 2 | 3 | — |
| צווישען 20 יאָהר און 21 יאָהר | — | 2 | — |
| צוזאַמען | 6339 | 4712 | 4067 |

**מעמבערס לויט באַשעפטיגונג**

| באַשעפטיגונג | צאָהל מעמבערס 1920 | 1919 | 1918 |
|---|---|---|---|
| אָפּעראַטאָרס | 760 | 479 | 467 |
| [illegible] | 924 | 690 | 566 |
| [illegible] | 140 | 118 | 90 |
| [illegible] | | | |
| [illegible] | 400 | 320 | 225 |
| [illegible] | 62 | 44 | 24 |
| [illegible] | 42 | 48 | 24 |
| [illegible] | 262 | 207 | 170 |
| [illegible] | 82 | 42 | 35 |
| [illegible] | 298 | 231 | 131 |
| [illegible] | 32 | 32 | 35 |
| [illegible] | 240 | 204 | 170 |
| [illegible] | 99 | 42 | 46 |
| [illegible] | 228 | 185 | 249 |
| [illegible] | 57 | 41 | 41 |
| פּרעסערס | 180 | 91 | 121 |
| [illegible] | 59 | 55 | 80 |
| [illegible] | 162 | 104 | 99 |
| [illegible] | 244 | 269 | 298 |
| [illegible] | 544 | 402 | 265 |
| [illegible] | 146 | 103 | 80 |
| [illegible] | 1094 | 727 | 657 |
| אַנדערע באַשעפטיגונגען | 284 | 268 | 194 |
| צוזאַמען | 6339 | 4712 | 4067 |

| | 1920 | 1919 | 1918 | % | 1920 | 1919 | 1918 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פאַרהייראַטעטע | 4388 | 3331 | 3123 | | 69.2 | 70.7 | 76.8 |
| אונפאַרהייראַטעטע | 1451 | 1381 | 944 | | 30.8 | 29.3 | 23.2 |
| | 6339 | 4712 | 4067 | | 100.- | 100.- | 100.- |

**די רעגיסטרירטע מעמבערס וואָס האָבען בייגעטראָטען צום אַרבייטער רינג נאָך יאָהר אין 4 קוואַרטאַלען**

| | צאָהל רעגיסטרירטע מעמבערס ווייניגער ווי 6 מאָנאַטען 1920 | קוואַרטאַל | 1919 | קוואַרטאַל | 1918 | קוואַרטאַל | פּראָצענט פון צוזאַמען רעגיסטרירטע 1920 | קוואַרטאַל | 1919 | קוואַרטאַל | 1918 | קוואַרטאַל | צאָהל רעגיסטרירטע מעמבערס צווישען 6 מאָנאַטען און 1 יאָהר 1820 | קוואַרטאַל | 1819 | קוואַרטאַל | 1818 | קוואַרטאַל | פּראָצענט פון צוזאַמען רעגיסטרירטע 1820 | קוואַרטאַל | 1819 | קוואַרטאַל | 1818 | קוואַרטאַל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 172 | 78 | 84 | 74 | — | 70 | 2.7 | 78 | 1.9 | 74 | — | 70 | 227 | 78 | 161 | 74 | 57 | 70 | 3.6 | 78 | 3.4 | 74 | 1.4 | 70 |
| | 217 | 79 | 201 | 75 | 116 | 71 | 3.4 | 79 | 4.3 | 75 | 2.9 | 71 | 297 | 79 | 128 | 75 | 112 | 71 | 4.7 | 79 | 2.7 | 75 | 2.9 | 71 |
| | 201 | 80 | 200 | 76 | 170 | 72 | 3.3 | 80 | 4.3 | 76 | 4.7 | 72 | 375 | 80 | 282 | 76 | 159 | 72 | 5.9 | 80 | 6.0 | 76 | 3.9 | 72 |
| | 130 | 81 | 110 | 77 | 74 | 73 | 2.1 | 81 | 2.3 | 77 | 1.4 | 73 | 413 | 81 | 286 | 77 | 149 | 73 | 6.5 | 81 | 6.0 | 77 | 3.7 | 73 |
| צוזאַמען | 720 | | 600 | | 360 | | 11.5 | | 12.8 | | 9.00 | | 1312 | | 857 | | 477 | | 20.7 | | 18.1 | | 11.9 | |

ניט ערוואַרטען. דערפאַר, ווייל עס איז די מיינונג פון פילע פון אונזערע פריינד אין מאַסס., אַז ביז דער פאַראייניגונג איז ניט ראַטזאַם צו אָרגאַניזירען באַזונדערע אַרבייטער־רינג ברענטשעס אין אַלע טיילען פון סטייט — מיט דער אויסנאַם בלויז פון איינינע גרעסערע שטעט. און אַז אין אַלע אַנדערע שטעט זאָלען די אַלע, וואָס קענען און ווילען ווערען מיטגלידער, אַריינטרעטען אין די דאָרטיגע לייבאָר־ליג ברענטשעס. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז בלויז פאַר אַ קורצער צייט שפּעטער וועלען אונזערע געווינסען פון מאַססאַטשוזעטס זיין באַדייטענדע און זיכערע. אין דעם מאָמענט איז אָבער דערווייל נייטיג צוצוגרייטען דאָרטען דעם פונדאַמענט: פאַרשפּרייטען אַ ברייטע אַגיטאַציע פאַר דעם אַרבייטער־רינג און אין די מעגליכע גרענ־ניצען שוין באַצייטענס אָנפאַנגען צו בויען נייע אַרב. רינג ברענטשעס. אָט די אַרבייט האָבען מיר דאָרט אָנגעפאַנגען און דאָס ווערט פאָרטגעזעצט:

מיר האָבען גלייך אָרגאַניזירט אין באָסטאָן אַ סטייט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, און ביז דעם טאָג, ווען דער דאָזיגער באַריכט ווערט געשריבען, זיינען שוין דורכגעפירט געוואָרען — מיט גרויס ערפאָלג — 3 גרויסע מאַסען־פאַרזאַמלונגען און קאָנצערטען אין די שטעט: באָסטאָן, וואוסטער און ספּרינגפעלד. די ערשטע צוויי נייע אַרבייטער־רינג ברענטשעס אין באָסטאָן און אין וואוסטער זיינען שוין אינסטאַלירט געוואָרען, דעם 10־טען אַפּריל וועלען געהאַלטען ווערען נאָך דריי מאַסען־פאַרזאַמלונגען אין די שטעט בראָקטאָן, לין און פאַל־ריווער. אין דער לעצטער שטאָט וועט אויך אַ דריטער ברענטש אינסטאַלירט ווערען. און ביז דעם טאָג פון אונזער קאָנווענשאָן וועט געוויס אָט די אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט דאָרטען פאָרט־געזעצט ווערען פאַר די בעסטע רעזולטאַטען.

### די טעטיגקייט פון די דיסטריקט קאָמיטעס

רעדענדיג וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וואָלט אפשר זיין אַן עולה ניט צו באַרירען אין קורצען אויך די טעטיגקייט פון אונזערע דיסטריקט קאָמיטעס. און וועגען זיי ווילען מיר דאָ זאָגען פאָלגענדעס:

עס זיינען אויך דעם יאָר געוועזען אַ היבשע צאָל דיסטריקט קאָמיטעס, וועלכע זיינען געשטאַנען טריי אויף זייער פּאָסטען און שווער געאַרבייט פאַר די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער־רינג. זאָל דאָ פריער פאַר אַלע באַזונדערס דערמאָנט ווערען די קאַליפאָרניער סטייט קאָמיטע מיט זייער סעקרעטער פריינד סיימאָן. זיי האָבען דעם יאָר צוגעקראָגען איינינע נייע ברענטשעס און הונדערטער נייע מיטגלידער. און וויסענדיג זייער אומערמידליכע אַרבייט, וועלכע זיי האָבען דערפאַר אַוועקגעגעבען, מעג מען צו זיי זאָגען: בראַוואָ, פריינד! אייער איבערגעבענע אָנשטרענגונג דעם יאָר קאָן דינען אַלס אַ שיינער ביישפּיל פאַר פילע אַנדערע. ווייטער קענען מיר ווידער באַזונדערס דערמאָנען די דעטראָיטער דיסטריקט קאָמיטע מיט איר סעקרעטער פריינד לעווענסאָן, און די פּיטסבורגער דיסטריקט קאָמיטע מיט איר סעקרעטער פריינד ווייסבערג. אין דיביידע דיסטריקטען איז דורך זייער טעטיגקייט דעם יאָר געשאַפען געוואָרען אַ באַדייטענדע אויפלעבונג אין די ברענטשעס. אַ גוט וואָרט קאָן דאָ געזאָגט ווערען וועגען דער דיסט. קאָם. אין נ. י., און ווי אויך פון באַלטימאָר, שיקאַגאָ, נוארק, פילאַדעלפיאַ און טאָראָנטאָ. עס איז קיין ספק ניט, אַז נאָך פיל אַנדערע דיסט־

ריקט קאָמיטעס, וועלכע מיר דערמאָנען דאָ ניט, זיינען אויך געווען אַקטיוו אין זייער אַרבייט. מיר האַלטען אָבער דאָ פאַרבייגעהענדיג וויכטיג צו באַמערקען, אַז אַ געוויסע צאָל דיסטריקט קאָמיטעס פון לאַנד האָבען ניט נאָר דעם יאָר, נאָר אויך לויט אונזער טיילווייזער ערפאַרונג שוין פון אַ לענגערער צייט, ניט באַוויזען כמעט קיינע סמנים פון טעטיגקייט. מיר גלויבען, אַז די נעקסטע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט זיך דאַרפען וועגען דעם רעכענען, בעת דער צוזאַמענשטעלונג פון די דיסטריקט קאָמיטעס פאַר'ן קומענדען יאָר.

## פאַראייניגונג אָדער אויפלעזונג פון בראַנטשעס און טראַנספערירונג אָדער צוריקווייזונג פון מיטגלידער

אונז איז אויך דעם יאָר אויסגעקומען אויפצולעזען אָדער צו פאַראייניגען געוויסע בראַנטשעס. אַזוי האָבען מיר צום ביישפּיל אין באַפאַלאָ פאַראייניגט 3 בראַנטשעס אַלס בר. 192; אין פילאַדעלפיא האָבען מיר פאַראייניגט דעם געוועזענעם בר. 373 מיט בר. 528, און אַזוי אויך אין מאַנכע אַנדערע שטעט. דאָס זעלבע איז אונז אויך דעם יאָר אויסגעקומען צו טראַנספערירען געוויסע מיטגלידער פון בראַנטשעס אַלס מעמבערס עט לאַרדזש, און אין מאַנכע פאַלען — פאַרשטעהט זיך, לויט געזעץ — געוויסע מיטגלידער אינגאַנצען צוריקגעוויזען פון אונזערע רייען. אונזער האַנדלונג אין יעדען פאַל איז געווים געווען מיט גענוג חשבון און מיט דער באַראַטונג פון די דיסטריקט קאָמיטעס אָדער בראַנטשעס פון יעדען אָרט באַזונדער.

## סכסוכים אין בראַנטשעס

אין משך פון יאָר איז אונז אויסגעקומען צו באַגעגענען סכסוכים אין איינציגע בראַנטשעס — אַ זאַך, וואָס איז נאַטירליך אין אַזאַ גרויסער און לעבעדיגער אָרגאַניזאַציע ווי דער אַ. ר. מיר האָבען, פאַרשטעהט זיך, אַלע סכסוכים געסעטעלט, לויט אונזער גלויבען, צום בעסטען אין די אינטערעסען פון אַ. ר. אַן ערנסטען סכסוך האָבען מיר באַגעגענט אין איין בראַנטש אין נויאָרק; דער בראַנטש האָט געטעקסט זיינע מיטגלידער צו דאָלאַר פאַר אַ יובילייאום־באַנקעט פון בראַנטש און שפּעטער האָבען זיי שטראָפירט צוויי מיטגלידער אַ צווייטען מאָל צו 5 דאָלאַר יעדען פאַר ניט קומען צום באַנקעט. די שטראָפירטע האָבען זיך ענטזאָגט די צווייטע פינפערלעך צו באַצאָלען און דער בראַנטש האָט זיי דערפאַר געשטראָכען. מיר האָבען געאָרדערט פון בראַנטש זיי צו ריינסטייטען. אָבער זיי האָבען זיך אַ לאַנגע צייט ענטזאָגט דאָס צו טאָן. עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז דער בראַנטש זאָל צוליב דעם רעאָרגאַניזירט ווערען, נאָר צום סוף זיינען די 2 מיטגלידער ריינסטייטעט געוואָרען.

איינציגע סכסוכים זיינען דעם יאָר פאָרגעקומען אין געוויסע שטעט צוליב גרויסע טעקסעס פאַר לייבאָר־לייסעאומס. מיר האָבען יעדען פאַל באַזונדער געסעטעלט לויט דעם פּאַסענדסטען אויסוועג, וואָס מיר האָבען געקענט געפונען.

אַנדערע סכסוכים זיינען אויך געווען צווישען דער סיטי קאָמיטע פון סט. פאָול און דער נאָרט־וועסטערן דיסטריקט קאָמיטע פון מינעאַפּאָליס; אין דער פּעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע, און אין די בראַנטשעס פון די שטעט: דענווער, וויקאָ, האָבקען, פּראָווידענס, ווילמינגטאָן, אינדיאַנאַפּאָליס און איינציגע אַנדערע. עס איז דאָ ניט נייטיג איבערצוגעבען די איינצעלהייטען פון יעדען סכסוך. מיר דערמאָנען דאָ נאָר, אַז לויט אונז שיינט זיינען זיי אומעטום געסעטעלט געוואָרען אויף דעם בעסטען, מעגליכסטען אופן.

## אונזער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד

אין אונזער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד זיינען מיר דעם יאָר געווען זעהר געענגט. מיר האָבען צום סוף געמוזט באַשטימען, מיט דער גוטהייסונג פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע, אַ ספּעציעלע אַסעסמענט פון 5 סענט פער מיטגליד פאַר דעם לעצטען קוואַרטאַל. די מאָטיוון זיינען פאָלגענדע:

לויט דעם באַשלוס פון אונזער לעצטער קאָנווענשאָן, וועלכער איז אַגב געווען אַ גרויסער טעות אין חשבון, זיינען די צאָלונגען צום אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד דעם יאָר געבליבען די זעלבע, וואָס פאַריגען יאָר. דאָס איז 4 סענט אַ קוואַרטאַל פון יעדען מיטגליד. פאַר 4 קוואַרטאַלען קענען די צאָהלונגען באַטרעפען אַ סומע פון אַן ערך 12 טויזענט מיט 500 דאָלאַר. אַ דעפיציט פון צוויי טויזענט דאָלאַר אין דעם אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד, וואָס איז פאַרבליבען פון פאַריגען יאָר, האָט דעם סך־הכל פאַרקלענערט ביז 10 און אַ האַלב טויזענט. די אויסגאַבען, וואָס זיינען אין די לעצטע 4 קוואַרטאַלען געמאַכט געוואָרען דורך די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פון לאַנד, באַטרעפען אַן ערך פון 8 טויזענט דאָלאַר. אַזוי איז פון דער גאַנצער סומע געבליבען בלויז אַרום 25 הונדערט דאָלאַר, פון וועלכע עס האָבען געמוזט געמאַכט ווערען אַלע אָרגאַניזאַציאָנס־אויסגאַבען פון אָפיס, ווי די קאָסטען פאַר פּרעזענטען, פאַר אַדווערטייזמענטס, פאַר פּרינטינג, פאַר ריילראָוד און פילע אַנדערע הוצאות. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז פאַר אונז געווען פּשוט אוממעגליך. דעם גאַנצען יאָר זיינען מיר איינפאַך געווען געבונדען אין אַ געלטמאַנגעל פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען. און אַז מיר האָבען געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען אויך צו באַגרעניצען די אויסגאַבען פון אונזערע דיסטריקט קאָמיטעס, אויף דעם וועלען עדות זאָגען פילע פון זיי, וועלכע האַלטען נאָך אין פּראָטעסטירען, למאי מיר האָבען צוריקגעוויזען געוויסע סומען פון זייערע אויסגאַבען.

מיר גלויבען, אַז די איצטיגע קאָנווענשאָן וועט צו דער פראַגע דאַרפען שענקען אַ געהעריגע אויפמערקזאַמקייט און מיר האָפען, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד פאַר דעם נעקסטען יאָר וועט ניט זיין אַזוי באַשרענקט.

## אַ פּאָר אַלגעמיינע באַמערקונגען

עס וואָלט אפשר ניט זיין איבעריג אין אונזער באַריכט זיך אָפּצושטעלען אויף נאָך איינציגע פּונקטען. מיר וואָלטען זיך באַזונדערס וועלען אָפּשטעלען אויף אַ פּונקט וועגען די דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס און די דיסטריקט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס, אָדער וועגען די דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס, וועלכע זיינען כמעט אין אַלע טיילען פון לאַנד אויך די דיסטריקט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס. אַ פּונקט, אין וועלכען עס וואָלט זיין וויכטיג צו פאַרצייכענען אַי מעלות אַי חסרונות. מיר וואָלטען זיך אויך וועלען אָפּשטעלען אויף אַ פּאָר רעקאָמענדאַציעס פון אונזער קאָמיטע, וועלכע זיינען פאַרצייכענט געוואָרען צווישען די רעקאָמענדאַציעס פון דער גאַנצער עקזעקוטיווע. נאָר סיי די דאָזיגע פּונקטען, ווי נאָך איינציגע אַנדערע, מוזען מיר צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ דאָ פאַרבייגעהן.

מיר שליסען אונזער באַריכט און מיר ערלויבען זיך צו באַמערקען, אַז מיר האָבען אין משך פון יאָר דורכגעפירט די אויפגאַבען פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויף דעם בעסטען אופן: קיין מעגליכקייט איז פון אונז ניט פאַרבייגעלאָזען. אַלע מיטלען פאַר ערפאָלג זיינען פון אונז אויסגענוצט געוואָרען. געוויס האָבען מיר דערצו געהאַט די פולע שטיצע פון די באַאַמטע אין אונזער אָפיס. מיר זיינען, אמת, שטאָלץ און צופרידען מיט דער געלעגענהייט, וואָס מיר האָבען געהאַט צו טאָן אונזער שווערע אָבער אַנגענעמע אַרבייט. און מיר דאַנקען אַלע פריינד פאַר דעם צוטרויען, וואָס זיי האָבען צו אונז געשענקט.

מיר באַגריסען די דעלעגאַטען צו דער 21־טער קאָנווענשאָן און אַלע מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג מיט דעם וואוקס און מיט די ערפאָלגען פון אונזער גלאָררייכער אָרגאַניזאַציע ביז איצט. מיר זיינען זיכער, אַז אונזער איצטיגע קאָנווענשאָן וועט מאַכען אַלע נייטיגע פאָרבאַרייטונגען אויף ווייטער צו שמידען נאָך מיט מער ערפאָלג, דעם שיינעם רינג אין אונזער גרויסער אַרבייטער־באַוועגונג.

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

---

די אַרבייט וואָס פיל אַ. ר. מיטגלידער האָבען אויפגענומען צו שאַפען אַ האָספּיטאַל אויסשטאַטונג פאַר סאָוועט־רוסלאַנד איז צוגעפּאַסט צום גייסט פון אַ. ר. אַזוי גוט ווי צו זיין נאָמען — דער רויטער [illegible]יץ פון דער אַרבייטער־באַוועגונג.

* * *

אין אונזערע אַ. ר. קינדער־שולען לערנען אונזערע קינדער נישט נאָר אידיש, שפּראַך און געשיכטע, נאָר ווערען אויך דערצויגען אין גייסט פון פרייהייט, און פון די בעסטע מענשליכע אידעאַלען.

האָט איר שוין אויסגעשריבען פאַר אייער קינד דאָס „קינדער־לאַנד?"

ערשטע ארבייטער רינג דיסטריקט ארג. און קאנווענשאן ארענדזשמענט קאמיטע, באסטאן, מאסס.



אויבערשטע ליניע פון רעכטס צו לינקס: ל. קארדים, י. זיידמאן, מ. לעווענסאן, א. באקסער.
2טע ליניע: ה. ראכמילאוויטש, ע. שוקערמאן, א. אדלער, מ. קהנאוויטש, ע. מיללער.
3טע ליניע: מ. ל. פאלמער, א. סטירמאן, ס. יאנאס, ל. פריינס.

## ספעשעל מיטינגען פון ברענטשעס

גלייך נאכדעם ווי מיר האבען זיך אינסטאלירט אלס נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע, האבען מיר פארלאנגט פון אפיס א ליסט איבער די ברענטשעס, וואס האבען געצויגען מער קראנקען־בענעפיט ווי זיי האבען איינגעצאלט אויף דעם פאנד. דער אפיס האט צוגעשטעלט א ליסט פון די דאזיגע ברענטשעס פאר די קווארטאלען 76, 77, 78 און 79. מיר האבען אונטערזוכט אלע סערטיפיקייטס פון די דאזיגע קווארטאלען און זיך אנגעשטויסען אויף פילע ברענטשעס, וואס די דאקטאר־אטעסטען זיינען געווען פון א צווייפעלהאפטען כאראקטער.

אין פילע פאלען זיינען קאמיטעס געווען אונטערגעשריבען ביי די מיטינגען. אנדערע זיינען געווען אין גאנצען אן קאמיטעס, און נאך אנדערע האבען זאגאר די סעקרעטארען אליין אונטערגעשריבען די קאמיטעס נעמען. א טייל זיינען געווען אן דאטומס, אנדערע מיט א פאר דאטומס אין פאראויס. קורץ, מיר האבען איינגעזעהן, אז אונזער קאמיטע דארף נעמען א שטעלונג צו די דאזיגע ברענטשעס און זעהן אפצושאפען אזא צושטאנד. מיר האבען באשלאסען צו רופען ספעציעלע מיטינגען פון די דאזיגע ברענטשעס אין ניו־יארק און אויך אין דער אומגעגענד און צייגען די מיטגלידער און די באאמטע פון די ברענטשעס, אז זיי זאלען נים אזוי נאכלעסיג האנדלען.

מיר האבען אזעלכע ספעציעלע מיטינגען נעהאט 27 — 14 אין ניו־יארק און 13 אויסער ניו־יארק. כמעט ביי יעדען מיטינג האט זיך ארויסגעצייגט, און די מיטגלידער האבען דאס צוגעגעבען, אז אין דער פראגע פון אונטערשרייבען דאקטאר־אטעסטען און באזוכען קראנקע זיינען די ברענטשעס זעהר נאכלעסיג.

די דאזיגע 27 ברענטשעס האבען געצויגען מער קראנקען־בענעפיט (נאענט צו 5 טויזענט דאלאר) ווי זיי האבען איינגעצאלט אויף דעם פאנד.

כאראקטעריסטיש איז, אז אין מאנכע ברענטשעס, טראָץ דעם וואס עס זיינען דארט פאראן עלטערע ערפארענע האפפיטעלער און סעקרעטארען, זיינען פונדעסטוועגען די רולס פון קראנקען־בענעפיט זעהר פארנאכלעסיגט געווען. עס איז זאגאר באוויזען געווארען, אז צווישען אט די ברענטשעס זיינען פאראן „דזשענטעלמען־אגרימענטס“, אז ווען מען באזוכט ניט א קראנקען פריינד, זאל מען פונדעסטוועגען ביי דעם מיטינג אונטערשרייבען די סערטיפיקייטס.

אונזער קאמיטע האט אין די באזוכטע ברענטשעס געגעבען צו די באאמטע, ווי אויך צו די מיטגלידער, אינסטרוקשאנס און זיי אויפגעוויזען ווי נייטיג עס איז צו באזוכען א פריינד אין דער צייט ווען ער איז קראנק, ניט נאר ווענען בענעפיט. נאר אויך ווענען פריינדליכקייט. און ווען די קאמיטעס וועלען ווירקליך באזוכען די קראנקע פריינד, וועלען אויך די אלע מיספארשטענדנישען אויסגעמידען ווערען.

די אלע ברענטשעס האבען אונז פארשפראכען, אז אין דער צוקונפט וועט דאס מער ניט פאסירען. מאנכע פון די ברענטשעס האבען זאגאר ארייננעשיקט דאנק־בריף צו אונזער קאמ.

מיר האבען אינסטרואירט דעם דעפארטמענט און געגעבען א ליסט פון די דאזיגע ברענטשעס, אז ווען עס וועלען אריינקומען אין אפיס סערטיפיקייטס פון די ברענטשעס פון דעם מינדעסטען צווייפעלהאפטען כאראקטער, זאל ער אונזער קאמיטע לאזען וויסען וועגען דעם.

מיר דענקען, אז מיר האבען אויפגעטאן א גוטע זאך מיט דעם באזוכען די ברענטשעס און מיר האפען, אז אין דער צוקונפט וועלען די ברענטשעס מער פארזיכטיג זיין און אונזער דעפארטמענט וועט דערביי שפארען סיי אומזיסטיגע געלט, סיי ארבייט.

טאבעלע IV

| פינף־יאר עלטער גרופן | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 18 און 19 יאר | 126 | 3 | 2.4 | 28 | 24.- | 0.11 | 2.00 |
| פון 20 ביז 24 | 4892 | 515 | 10.5 | 10968 | 9324.- | 1.91 | 18.11 |
| פון 25 ביז 29 | 16401 | 2032 | 12.3 | 43659 | 36407.- | 3.33 | 18.03 |
| פון 30 ביז 34 | 20718 | 2656 | 12.8 | 61747 | 51805.- | 2.50 | 19.52 |
| פון 35 ביז 39 | 17725 | 2316 | 13.9 | 54537 | 45639.- | 2.62 | 20.60 |
| פון 40 ביז 44 | 8948 | 1264 | 14.1 | 33327 | 27963.- | 3.13 | 22.12 |
| פון 45 ביז 49 | 3059 | 474 | 15.5 | 14154 | 11702.- | 3.82 | 24.69 |
| פון 50 ביז 54 | 815 | 130 | 16.0 | 4375 | 3572.- | 4.41 | 27.53 |
| פון 55 ביז 59 | 160 | 44 | 27.5 | 2037 | 1650.- | 12.31 | 37.50 |
| פון 60 און העכער | 2 | 1 | 50.0 | 21 | 18.- | 9.00 | 18.00 |
| סך הכל | 72344 | 9325 | 12.9 | 224847 | 188205.- | 2.60 | 21.83 |

טאבעלע V

| פינף־יאר עלטער גרופן | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 18 און 19 יאר | 0.02 | 9.33 | 2.01 | 19.30 | 10.9 | 148 | 2.4 | 14.0 |
| פון 20 ביז 24 | 2.24 | 21.28 | 3.20 | 21.21 | 70.0 | 100.3 | 10.5 | 15.1 |
| פון 25 ביז 29 | 2.66 | 21.59 | 3.61 | 21.86 | 72.7 | 99.8 | 12.3 | 16.5 |
| פון 30 ביז 34 | 2.99 | 23.25 | 3.67 | 22.49 | 81.2 | 103.4 | 12.8 | 16.8 |
| פון 35 ביז 39 | 3.17 | 24.61 | 3.92 | 24.42 | 80.8 | 101.2 | 13.9 | 16.1 |
| פון 40 ביז 44 | 3.72 | 26.36 | 4.87 | 27.04 | 76.4 | 97.5 | 14.1 | 18.0 |
| פון 45 ביז 49 | 4.63 | 29.86 | 5.73 | 30.04 | 82.8 | 99.4 | 15.5 | 19.1 |
| פון 50 ביז 54 | 5.38 | 33.66 | 4.87 | 29.94 | 110.5 | 116.3 | 16.0 | 16.8 |
| פון 55 ביז 59 | 12.16 | 46.20 | 5.12 | 28.18 | 232.5 | 164.3 | 27.5 | 18.2 |
| פון 60 און העכער | 16.50 | 22.00 | — | — | — | — | 50.0 | — |
| סך הכל | 3.11 | 24.11 | 2.83 | 23.34 | 81.2 | 103.3 | 17.9 | 14.4 |

## בײשטייערונג פאר האספיטאלס

אזוי ווי עס איז אייך באוואוסט, האט די לעצטע קאנווענשאן ווי אלע יאר, באוויליגט די סומע פון 5 טויזענד דאלאר פאר דעם צוועק צו שטיצען האספיטאלס און קראנקען־אינסטיטושאנס אין יענע שטעדט, וואו עס איז פאראן א גרויסע מעמבערשיפ מיט ניט ווייניגער פון 5 ברענטשעס.

די בענעפיט קאמיטע האט זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט די דיסטריקט־קאמיטעס פון אלע גרעסערע שטעדט אויסער ניו יארק, און בא זיי אנגעפרעגט וועלכע האספיטאלס אדער אינסטיטושאנס פאר קראנקע זאלען געשטיצט ווערען.

מיר האבען אנגענומען די רעקאמענדיישאנס פון די דאזיגע דיסטריקט קאמיטעס און האבען באשלאסען צו געבען ווי פאלגט:

פאר באלטימאר — — — — — 200 דאלאר
פאר פעטערסאן — — — — — 200 דאלאר
פאר שיקאגא — — — — — 500 דאלאר
פאר נוארק — — — — — 200 דאלאר
פאר טאראנטא — — — — — 200 דאלאר
פאר מאנטריאל — — — — — 200 דאלאר

פאר ניו יארק האבען מיר געהאט א דזשאינט מיטינג מיט דער מעדיקאל אדווייזארי באארד. ביי דיזען מיטינג איז פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען שטיצען האספיטאלס און אינסטיטושאנס, און לויט די רעקאמענדיישאנס פון דער מעדי־



## טאַבעלע VI

דיזע טאַבעלע צייגט די קראַנקהייטן פון וועלכע די מיטגלידער האָבען געליטען, אויך די צאָל [illegible] און דעם קראַנקען [illegible] פון די קראַנקהייטען

| נאָמען פון דער קראַנקהייט | צאָל פּאַציענטן | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
|---|---|---|---|---|---|
| אויגען קראַנקהייט | 82 | 2205 | 1834.- | 26.9 | 22.25 |
| אויערן קראַנקהייט | 73 | 1988 | 1701.- | 27.2 | 26.04 |
| אינפלוענזא | 3457 | 43372 | 37176.- | 12.6 | 10.75 |
| אינטעסטינאַל קראַנקהייטן | 788 | 16044 | 13470.- | 20.4 | 17.12 |
| אַנעמיע (בלוטאָרעם) | 63 | 1939 | 1617.- | 30.8 | 25.67 |
| אַסטמאַ | 38 | 994 | 804.- | 26.2 | 21.16 |
| ביינער און געלענק קראַנקהייט | 179 | 5670 | 4536.- | 31.7 | 26.46 |
| בלאָטער קראַנקהייט | 81 | 2499 | 2100.- | 30.8 | 25.86 |
| בראָנכיטיס | 483 | 8204 | 6912.- | 17.0 | 14.31 |
| האַרץ קראַנקהייט | 81 | 3472 | 2916.- | 42.9 | 36.00 |
| הויט קראַנקהייט | 86 | 1673 | 1431.- | 19.5 | 16.64 |
| העמאָרויד | 198 | 4480 | 3840.- | 22.6 | 19.29 |
| הערניע (ראַפּטשור) | 134 | 5117 | 4386.- | 38.2 | 32.73 |
| טאָנזיליטיס | 688 | 8253 | 7074.- | 12.0 | 10.28 |
| טובערקולאָזיס | 298 | 20916 | 15768.- | 70.2 | 52.91 |
| לעבער קראַנקהייט | 15 | 539 | 412.- | 36.0 | 27.33 |
| מאָגען קראַנקהייט | 890 | 29694 | 25197.- | 33.4 | 28.30 |
| [illegible] | 229 | 8435 | 7230.- | 36.8 | 31.57 |
| נירען קראַנקהייט | 122 | 4529 | 3777.- | 37.1 | 30.96 |
| נערוון קראַנקהייט | 166 | 7196 | 5706.- | 43.3 | 34.34 |
| עקסידענטס (צופעלע) | 1094 | 26936 | 23088.- | 24.6 | 21.10 |
| פּאַראַליזיס | 37 | 2072 | 1641.- | 56.0 | 44.35 |
| פלעביטיס | 5 | 322 | 261.- | 64.4 | 52.20 |
| פּלעוריסי | 88 | 1722 | 1476.- | 19.6 | 16.77 |
| צוקער קראַנקהייט | 21 | 826 | 663.- | 39.3 | 31.57 |
| קרעבס און טומאָר | 28 | 1260 | 1038.- | 45.0 | 37.07 |
| ריומאַטיזם | 403 | 11816 | 9963.- | 29.3 | 24.72 |
| פאַרשידענע קראַנקהייטן | 98 | 2674 | 2199.- | 27.3 | 22.44 |
| | 9925 | 224847 | 158205.- | 22.6 | 18.96 |

## טאַבעלע VII

דיזע טאַבעלע צייגט די וואַקסענדע צאָל קראַנקע מיטגלידער [illegible] צאָל וואָכן און קראַנקען בענעפיט באַצאָלט פון יאָהר 1912 ביז 1920

| [illegible] | צאָל מיטגלידער | | | צאָל קראַנקע וואָכן | | | קראַנקען בענעפיט אויסגעצאָלט | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | א | ב | טאָטאַל | א | ב | טאָטאַל | א | ב | טאָטאַל |
| 1 | 3420 | 9 | 3429 | 3420 | 9 | 3429 | 20520 | 27 | 20547 |
| 2 | 1758 | 13 | 1771 | 3516 | 26 | 3542 | 21096 | 78 | 21174 |
| 3 | 836 | 10 | 846 | 2508 | 30 | 2538 | 15048 | 90 | 15138 |
| 4 | 505 | 11 | 516 | 2020 | 44 | 2064 | 12120 | 132 | 12252 |
| 5 | 339 | 14 | 353 | 1695 | 70 | 1765 | 10170 | 210 | 10380 |
| 6 | 252 | 9 | 261 | 1512 | 54 | 1566 | 9072 | 162 | 9234 |
| 7 | 183 | 9 | 192 | 1281 | 63 | 1344 | 7686 | 189 | 7875 |
| 8 | 141 | 6 | 147 | 1128 | 48 | 1176 | 6768 | 144 | 6912 |
| 9 | 112 | 6 | 118 | 1008 | 54 | 1062 | 6048 | 162 | 6210 |
| 10 | 99 | 13 | 112 | 990 | 130 | 1120 | 5940 | 390 | 6330 |
| 11 | 64 | 5 | 69 | 704 | 55 | 759 | 4224 | 165 | 4389 |
| 12 | 63 | 6 | 69 | 756 | 72 | 828 | 4536 | 216 | 4752 |
| 13 | 54 | 8 | 62 | 702 | 104 | 806 | 4212 | 312 | 4524 |
| 14 | 47 | 8 | 55 | 658 | 112 | 670 | 3948 | 336 | 4284 |
| 15 | 234 | 66 | 300 | 3510 | 990 | 4500 | 21060 | 2970 | 24030 |
| טאָטאַל | 8107 | 193 | 8300 | 25408 | 1861 | 27269 | 152448 | 5583 | 158031 |

## טאַבעלע 8

קראַנקען בענעפיט אַדמיניסטראַציע [illegible] 13 [illegible] 1920

| קוואַרטאַל נומער | צאָל מעמבערס I, II, III, IV | קראַנקען בענעפיט אויסגעצאָלט | אַדמיניסטראַציע קאָסטן פון קראַנקען בענעפיט | קראַנקען בענעפיט אַדמיניסטראַציע פּער מיטגליד |
|---|---|---|---|---|
| 78 | 1244 | $681 | $1119.60 | $0.55 |
| 79 | 1277 | 969 | 1149.30 | 0.76 |
| 80 | 1337 | 456 | 1203.30 | 0.34 |
| 81 | 1305 | 1302 | 1174.50 | 1.00 |
| טאָטאַל | | $3408 | $4646.70 | $2.65 |
| דורכשניט פאַר קוואַרטאַל | 1290 | 852 | 1161.67 | $0.66 |

קאָל אדווייזאָרי באָרד האָבען מיר באַשלאָסען בייצושטייערן פאָלגענדע סומען:

בית ישראל האָספּיטאָל — — 700 דאָלאַר
הענרי סטריט סעטלעמענט
נוירסערי דעפּאַרטמענט — 200 דאָלאַר
מאָנטעפיאָרע האום — — — 500 דאָלאַר
לבנון האָספּיטאָל — — — 500 דאָלאַר
דזשאָינט האום פאַר
קאָנוואַלעסענט — — — 200 דאָלאַר
סעינט דזשאָזעף האָספּ. — — 200 דאָלאַר

און צום אָנדענקען פון דאָקטאָר קלימענקאָ האָבען מיר בייגע־שטייערט עקסטרא 100 דאָלאַר פאַר מאָנטעפיאָרע האום, ווייל ער איז דאָרט געווען איינער פון די דירעקטאָרען.

### איבער 120 טויזענד דאָלאַר אין קראַנקען בענעפיט פאָנד

ווען מיר האָבען איבערגענומען דעם אַמט האָט אונז דער דזשענ. סעקר. פר. באַסקין באַריכטעט אז עס איז פאַראַן אין קראַנקען בענעפיט פאָנד א סורפּלוס פון $46.975.

מיר זיינען ניט געווען איבעראַשט פון אָט דער סומע, ערשטענס, האָט דער פאָנד אין 1918 שוין געהאַט א סורפּלוס פון 62 טויזענד דאָלאַר און עס איז דאַן געקומען די באַוואוסטע מגפה — די אינפלוענצא און האָט דאָס אַלעס פאַרשלונגען. מיר האָבען מורא געהאַט, אז היי־יאָהר זאָל זיך דיזעלבע צרה ניט ווידערהאָלען.

צווייטענס, האָט דער אינשורענס קאָמישיאָנער פון באָס־טאָן געפאָדערט פון אונזער אָרדען, אז אום צו ווערען געזעצליך אין מאַסאַטשוזעטס סטייט מוז דער קראַנקען־פאָנד האָבען ווייניגסטענס אין רעזערוו א קוואַרטעל קראַנקען בענעפיט.

אָבער ווען מיר שרייבען דיזען רעפּאָרט האָט דערווייל די שרעקליכע אינפלוענצא זיך ניט בעוויזען, און אויך זיינען מיר געזעצליך געוואָרען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, האָפען מיר, אז אָט דער סורפּלוס איז געזיכערט און מיר קענען מיט שטאָלץ זאָגען, אז דער קראַנקען־בענעפיט פאָנד האָט איינער פון די גרעסטע סורפּלוס אין די פאָנדס פון ארב. רינג. דער פאָנד באַרמאָגט אריבער 120 טויזענד דאָלאַר.

אַנאַליז [illegible] פּאַציענטן (טובערקולאָזע) [illegible] אין יאָהר 1920

| צאָל פּאַציענטן | ביזנעס אָדער טרייד |
|---|---|
| 3 | [illegible] |
| 1 | אָפּערייטאָרס |
| 1 | בוטשערס |
| 6 | [illegible] |
| 1 | ברעסט מאַכער |
| 2 | הויז אַרבעטערינס |
| 1 | טראַנק מאַכערס |
| 1 | (אַנשעריבען) |
| 2 | לאַנד אַרבעטער |
| 1 | [illegible] |
| 3 | פּיינטערס און פּייפּערהענגערס |
| 1 | פּרעסערס |
| 1 | [illegible] מאַכער |
| 1 | קאַרווערס |
| 1 | [illegible] |
| 3 | קלאָוקס |
| 11 | שניידערס |
| 40 | טאָטאַל |

| צייט | צאָל פּאַציענטן |
|---|---|
| פון 18 ביז 25 יאָר | 4 |
| פון 26 ביז 30 יאָר | 12 |
| פון 31 ביז 35 יאָר | 7 |
| פון 36 ביז 40 יאָר | 11 |
| איבער 40 יאָר | 6 |
| טאָטאַל | 40 |

| צייט | צאָל פּאַציענטן |
|---|---|
| ווייניגער פון 1 יאָר | 14 |
| צווישן 1 און 2 יאָר | 3 |
| צווישן 2 און 3 יאָר | 4 |
| צווישן 3 און 4 יאָר | 3 |
| צווישן 4 און 5 יאָר | 3 |
| צווישן 5 און 6 יאָר | — |
| צווישן 6 און 7 יאָר | 1 |
| צווישן 7 און 8 יאָר | 1 |
| צווישן 8 און 9 יאָר | 1 |
| צווישן 9 און 10 יאָר | 1 |
| צווישן 10 און 11 יאָר | 1 |
| צווישן 11 און 12 יאָר | 3 |
| צווישן 14 און 13 יאָר | 1 |
| צווישן 15 און 16 יאָר | 1 |
| צווישן 16 און 17 יאָר | 1 |
| צווישן 18 און 19 יאָר | 1 |
| צווישן 19 און 20 יאָר | 1 |
| טאָטאַל | 40 |

## מעדיקאל אדווייזארי באארד

די מעדיקאל אדווייזארי באארד, וועלכע באשטייט פון פראמינענטע דאקטוירים און איבערגעגעבענע פריינד פון א. ר., האט אונז אויך דעם יאר זעהר פיל מיטגעהאלפען אין פראגען וואס האבען א שייכות מיט דער מעדיצינישער זייט אין באצוג צום קראנקען בענעפיט.

מיר האבען זיך מיט זיי בעראטען אין פארשידענע צוויי־פעלהאפטע קייסעס, און לויט זייער ראט האבען מיר געהאנדעלט אין דיזע פראגען.

אין דער ווייליגונג פון נייע מעדיקאל עקזאמינערס האבען מיר זיך גערעכענט מיט זייערע רעקאמענדיישאנס.

ביי אט דער געלעגענהייט באדאנקען מיר די מעדיקאל אדווייזארי באארד וואס באשטייען פון דר. האלפערן, דר. מערי־סאן, דר. דעמבא, דר. בארסקי און דר. נעלסאן, פאר זייער ארבעט פון לעצטען יאר.

## דאקטאר קלימענקא'ס טויט

מיר האבען לעצטען יאר געהאט א גרויסען פארלוסט אין דער מעדיקאל אדווייזארי באארד, אונזער טרייער פריינד און זייער סעקרעטער דר. קלימענקא איז געשטארבען.

מיט זיין טויט האט דער א. ר. פארלארען איינעם פון די טעטיגסטע און איבערגעבענסטע דאקטוירים פון א. ר.

דר. קלימענקא איז א צייט לאנג געווען דער סעקרעטער פון די מעדיקאל אדווייזארי באארד. ער איז אימער געווען גרייט צו העלפען מיט טהאט און ראט אונזער ארדען, ווען מ'האט נאר פון אים עטוואס פארלאנגט. ער האט זעהר פיל צייט אוועקגעגעבען פאר דעם א. ר.

גלייך ווי עס איז באקאנט געווארען אז דר. קלימענקא איז געשטארבען, האט אונזער קאמיטע גערופען א ספעשעל מיטינג, און באשלאסען אויפצופאדערן די נאצ. עקזעקוטיוו, ווי אויך אלע דאקטוירים, וואס שטעהען אין פארבינדונג מיט דעם א. ר. דורך אן אויפרוף אין דער פרעסע, א זיי זאלען זיין אנוועזענד ביי דער לויה.

## וועגען מעדיקאל דעפארטמענט

ווי איר ווייסט איז פאראן אין ניו יארק א דעפארטמענט, וועלכער שטעלט צו דאקטוירים פאר די ניו יארקער מעמבערס אין ברענטשעס פון א. ר. אונטער דעם נאמען מעדיקאל דע־פארטמענט פון א. ר. מיר האבען דארטען געהאט אונזערן א פארשטעהער, זיי באהילפיג צו זיין אין הויפזעכליך אכטונג צו געבען ווי דיזער דעפארטמענט ווערט געפירט.

באלד אין אנפאנג יאר האט אונזער פארשטעהער צו זיי, פר. ז. שפייער, אונז באריכטעט, דאס זיי האבען אנגענומען א באשלוס, וועלכער איז געגען די פירונגען און טראדיציאנען פון א. ר.

די זאך איז געווען ווי פאלגט:

אויף דעם יערליכען קאנפערענץ פון אט דעם דעפארטמענט איז אויף דעם רעקאמענדיישאן פון זייער עקזעקוטיוו קאמיטע באשלאסען געווארען צו העכערען די דיום פון די מעמבערס אויף 20 סענט. 15 סענט זאל דערפון געהעכערט ווערען צו די דאקטוירים און 5 סענט פאר'ן פארוואלטונגס־פאנד פון דיזען דעפארטמענט.

די העפערונג פון דיזע צאלונגען זיינען אריין אין קראפט גלייך נאך דעם קאנפערענץ.

אהן וועלכע ניט איז אורזאכען האבען זיי 2 קווארטאלען נאכאנאנד די 15־סענטיגע צו די דאקטוירים ניט געצאלט און פארהאלטען די 30־סענטיגע אין זייער פארוואלטונגס־פאנד.

מיר האבען פארשטאנען אז אזא האנדלונג איז געגען די באשליסע פון זייער קאנפערענץ און מיר האבען זיי אויפגעפא־דערט אזא האנדלונג צו פארריכטען, אדער ווייניגסטענס צו לאזען צו די מעמבערס.

זיי האבען זיך דערפון ענטזאגט.

מיר האבען דאריבער דיזע פראגע געבראכט צו דער נאציא־נאלער עקזעקוטיוו און די לעצטע האט נאך א גרינדליכע באטראכטונג, אויפגעפאדערט דעם דעפארטמענט צו פאררופען א ספעשעל קאנפערענץ פון אלע זייערע אנגעשלאסענע ברענ־טשעס.

צייט צו פאררופען דיזען קאנפערענץ האט די נאציאנאלע עקזעקוטיוו זיי געגעבען ניט מער ווי 6 וואכען, כדי צו פאר־מיידען א טומעל אין א. ר. אונטער דער צייט האבען צו אונז טאקע געקומען געהן קאמיטעס פון פארשידענע ברענטשעס, זא־גאר פון נ. י. סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע, וואו זיי האבען פארלאנגט, אז מיר זאלען זעהן וואס צו טאן אין דער אנגעלע־גענהייט.

דעם 27טען יאנואר איז אזא קאנפערענץ אפגעהאלטען גע־ווארען, און דארט איז באשלאסען געווארען דאס די עקזעקוטיוו פון מעדיקאל דעפארטמענט האט ניט געהאט קיין רעכט אזוי צו האנדלען.

מיר ברייינגען אייך אט דעם אינצידענט ווייל מיר גלויבען דאס די קאנווענשאן דארף אין א וועלכער ניט איז פארמע ארויסברייינגען א באשלוס, אז די נאצ. עקז. זאל אומבעדינגט זיין פארטראטען אין אלע אזעלכע דעפארטמענטס וועלכע טרא־גען אויף זיך דעם אפיציעלען נאמען פון א. ר. און וועלכע פירען זיך ניט אלע מאל ווי עס וואלט געפאסט פאר'ן ארבייטער רינג.

## העכערען דעם קראנקען־בענעפיט

מיר גלויבען אז די פראגע פון העכערען קראנקען בענעפיט איז א ברענענדע. אונזער ארדען קען ביי היינטיגע צייטען ניט מער בלייבען ביי 6 דאלאר א וואך בענעפיט. אט די סומע איז געווען גענוג מיט 20 יאר צוריק, ווען דער באשלוס פון 6 דאלער איז אנגענומען געווארען. היינט צו טאג, ווען די אומשטענדען זיינען אנדערע און דער יקרות איז גרויס, וואס באדייטעט 6 דאלאר קראנקען בענעפיט אויף א גאנצע וואך? וואס קען א פאמיליע אויפטאן מיט 6 דאלער א וואך בא היינטיגע אומ־שטענדען?

איבערהויפט ווילען מיר אז איר זאלט אייך אריינטראכטען וועגען דעם 2טען און 3טען יאר בענעפיט, ווען די סומע פון 3 דאלער האט כמעט גאר קיין באדייטונג. די אומגליקליכע מעמ־בערס, וואס דארפען אנקומען נאך בענעפיט דעם 2טען און 3טען יאר זיינען זיכער בארעכטיגט צו א העכערען בענעפיט.

עס איז אמת, אז אין מאנכע ברענטשעס זיינען איינגע־פירט לאקאלע קראנקען־בענעפיט. און אט דעם בענעפיט, וואס די ברענטשעס צאלען, פאנגען זיך אן מייסטענס פון דער 2טער אדער 3טער וואך. און וויפיל צאלט א ברענטש? 2 אדער 3 דאלער א וואך.

מיר האבען זיך אריינגעטראכט וועגען דעם, און מיר האבען פארלאנגט, אז דער אפיס זאל אויסארבייטען א טאבעלע ווי אזוי מיר קענען העכערען דעם קראנקען בענעפיט. דער אפיס האט אונז צוגעשטעלט א טאבעלע. מיר האבען זיך בעראטען מיט דעם עקטשואר און מיר זיינען געקומען צו דעם באשלוס רעקאמענדירען צו דיזען קאנווענשאן צו העכערען דעם קראנ־קען בענעפיט אויף דער צווייטער וואך, פון 6 אויף 9 דאלער. די ערשטע וואך פון 6 דאלער זאל פארבלייבען.

דעם 2טען און 3טען יאר זאל געהעכערט ווערען פון 3 אויף 6 דאלער א וואך. און יערער מעמבער זאל צאלען מיט 35 סענט א קווארטאל מער אויף דיזען פאנד.

אויך רעקאמענדירט די בענעפיט־קאמיטע איינצופירען א קלאסען־קראנקען־בענעפיט.

## שלום

מיר האבען אין דיזען רעפארט זיך אפגעשטעלט בלויז אויף דער וויכטיגסטער ארבייט וואס איז דורכגעפירט געווארען.

מיר האפען אז די דעלעגאטען צו דער 21טער קאנווענשאן, ווי אויך די ברייטע מיטגלידערשאפט וועלען אנערקענען, אז מיר האבען געטאן אונזער פליכט און מיר דאנקען אייך פאר דעם צוטרויען, וואס איר האט אונז געגעבען, און באגריסען אייך צו דעם 21טען יערליכען קאנווענשאן פון ארבייטער רינג.

מיט פר. גרוס,
די נאצ. בענעפיט קאמיטע.

# נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבייטער רינג

1920 — 1921



פ. געליעבטער
רעק. סעקר.



ר. זאלצמאן
טרעזשורער



י. באסקין
גענ. סעקר.



י. ה. ישורין
טשערמאן



י. אלפערט
וויס טשערמאן



י. ב. בײלין
רעד. פריינד

ב. קרינסקי

ע. עבעריל

פ. יודיטש

ל. דינערשטײן











# באריכט פון דעם ניו-יארק דיסטריקט מעדיקאל דעפארטמענט ארבייטער רינג

ערשט א יאר און א האלב צוריק האבען זיך א צאל טיק־טיגע מיטגלידער פון ארבייטער־רינג ארומגעטראגען מיט פלע־נער צו פארווירקליכען דאס, וואס אזוי פיל מיטגלידער האבען געהאלטען בלויז פאר א חלום. פריער האט בלויז עקזיסטירט א מעדיקאל קאמיטע און דאס אלץ!

איצט איז דער מעדיקאל דעפארטמענט א פאקט. ס'איז א בליהענדע אינסטיטוציע. און עס וועט ניט זיין איבערטריבען צו זאגען, אז גאר אין גיכען וועט זי פארנעמען א פלאץ גאר אויבען־אן.

אנגעהויבען האט דער דעפארטמענט מיט אכציג ברענ־טשעס און א מיטגלידערשאפט פון אריבער 7000. היינט זיינען אנגעשלאסען קנאפע 200 ברענטשעס מיט א מיטגלידערשאפט פון 15,000 און צאלט אפ דעם סטעף, וועלכער באשטעהט פון 30 דאקטוירים, 10,000 דאלאר א קווארטאל.

די וויכטיגסטע פארבעסערונגען אין פארגלייך מיט דער אלטער סיסטעם זיינען די פאלגענדע: ערשטענס, געפינט זיך דער דאקטאר גאנץ נאהענט צו אלע מיטגלידער פון זיין דיסט־ריקט. צווייטענס, טאר ער קיין געלט ניט נעמען פאר קיין מעדיצינישער באהאנדלונג. דריטענס, שטעהט דער דעפארט־מענט שטענדיג פארבונדען מיט די דאקטוירים און דער מיט־גליד דארף ניט ווארטען צוויי וואכען ביז דעם מיטינג, אויב ער געפינט זיך אין א פארלעגענהייט און נייטיגט זיך אין שנע־לער הילף. פערטענס, איז אפגעשאפט געווארען „פייווארי־טיזם" צווישען דעם דאקטאר און אייניגע מיטגלידער פון זיין ברענטש. פינפטענס, קריגט דער דאקטאר א טשעק היבש גענוג, אז עס זאל זיך אים לוינען צו געבען א צופרידענשטעלענדע בא־האנדלונג.

טראץ די אלע פארבעסערונגען געפינען זיך נאך עטליכע פאר'עקשנ'טע ברענטשעס, וואס האבען זיך נאך אלץ ניט אנ־געשלאסען. דאס איז אבער נים דערפאר חלילה, וואס זיי האבען זיך איבערצייגט, אז די נייע איינפירונג איז ניט קיין גוטע, נאר פשוט דערפאר, וואס זיי ווילען זיך ניט נעמען די מיה צו זוכען אויסקונפטען וועגען אט דער וויכטיגער אינ־סטיטוציע.

## די פראפעסארען אפטיילונג

די דיסטריקט מעדיקאל סיסטעם איז ניט בלויז א פאר־בעסערונג פון דער אלטער לאדזש־סיסטעם, נאר א גאנץ נייע מאדערנע מעטאדע אויף דעם באזיס פון „העלט אינשורענס".

נאר אויב די איצטיגע מעטאדע האט דאך נאך עפעס אין זיך פון דער אלטער, איז אבער איין גרויסע וויכטיגע זאך ווירקליך אויפגעטאן געווארען אין גאנצען ניי פון דעם דע־פארטמענט: דאס איז די פראפעסארען־אפטיילונג. דער דא־זיגער אויפטו האט געמאכט אזא גוואלדיגען ערפאלג, אז דער דעפארטמענט מעג זיך גראטולירען. עס זיינען געמאכט גע־ווארען אראנזשמענטס מיט 12 פראפעסארען, נעמליך: פון אויגען, הויט, אויערן, נאז, האלז, בויך, הארץ, נירען, קינדער־קראנקהייטען, פרויען־קראנקהייטען, מענער־קראנקהייטען, לונ־גען, נערוועז, א פראפעסאר איבער כירורגיע, א פראפעסאר פון עקס־רעי בילדער, און אן אנאליטיקאל לאבאראטאריע. אט די פראפעסארען זיינען ניט אבי ווער, נאר מענער וואס שטעהען גאנץ הויך אין דער וועלט פון מעדיצין. די מערסטע פון זיי זיינען פראפעסארען אין מעדיצינישע קאלעדזשעס. דורך זיי שטעהט דער דעפארטמענט פארבונדען מיט אייניגע האספי־טעלער. צוצוקומען צו דיזע מענער קאסט א פריוואט־פערזאן א היבשע פאר דאלאר, ווערענד א מיטגליד פון דעם מעדיקאל דעפארטמענט קאסט דורכשניטליך פון דריי ביז פינף דאלאר א וויזיט. ניט נאר מיטגלידער פון דעם דעפארטמענט האבען די דאזיגע פריווילעגיע, נאר אויך מיטגלידער פון אויסער ניו־יארק. אויף וויפיל אט די נייע איינפירונג איז אן ערפאלג, קאן מען זעהן דערפון, וואס פון אט די דריי און פינף דאלאר־דיגע וויזיטען, האט דער דעפארטמענט אויסגעצאלט צו די פרא־פעסארען 5,000 דאלאר פאר די לעצטע 6 מאנאטען (סעפט. 15 ביז מערץ 15).

עס ווערען איצט אויסגעארבייט פלענער פאר נאך געוויסע איינפירונגען. וועגען די האפען מיר צו קענען באריכטען גאר אין קורצען.

ס. קאנער, מענעדזשער.

# באריכט פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע

**מ. העסקעל, טשערמאן; ל. אלטמאן, וויים־טשערמאן; וו. הערמאן, ב. קראפקא און ב. בורגין.**

צו די דעלעגאטען פון דער 21־טער קאנווענשאן און צו אלע מיטגלידער פון ארבייטער רינג.

ווערטע פריינד:

מיר בעטען אייך צו שענקען אייער אויפמערקזאמקייט צו אונזער טעטיגקייט פון לעצטען יאר. מיר גלויבען, אז די פונק־ציאנען און פליכטען פון דער גריוועגס קאמיטע האבען מיר טריי, געוויסענהאפט און פינקטליך דורכגעפירט. גלייך נאך דעם ווי מיר האבען זיך אינסטאלירט זיינען צו אונז איבער־געגעבען געווארען די „קייסעס", וועלכע זיינען ניט ערלידיגט געווארען פון דער פריערדיגער קאמיטע.

מיר האבען דעם יאר געהאט 120 קייסעס, מיט 20 קייסעס מער פון לעצטען יאר. 95 קייסעס זיינען שוין פארהאנדעלט געווארען און די איבריגע וועלען פארהאנדעלט ווערען, ווען די גריוועגס קאמיטע וועט אויסגעפינען מער איינצעלהייטען. עס וואלט פארנומען צו פיל פלאץ צו ערקלערען יעדע קייס בא־זונדער, טראץ דעם וואס יעדע קייס האט פארנומען פיל צייט ביי אונזער קאמיטע צו אונטערזוכען און ארויסגעבען א גע־רעכטען אורטייל לויט אונזער מיינונג. מיר ווילען זיך נאר אפשטעלען אויף איינצעלנע קייסעס, ווי מיר גלויבען, אז עס וועט זיין ווינשענסווערט די זעלבע צו פארעפענטליכען.

## קלאגען און אפילס

1) א מיטגליד פון א ברענטש האט פארגעשלאגען א שוועסטער אין דעם זעלבען ברענטש וואו ער באלאנגט. ער האט זי אליין געפירט צום דאקטאר פאר אן עקזאמינייש אן און דארט אונטערגעשריבען דעם אפליקיישאן אלס וויטנעס.

נאך דעם ווי זיין שוועסטער איז דעם ערשטען מאל עק־זאמינירט געווארען פון דאקטאר, האט דער אפיס צוגעשיקט דעם אפליקיישאן צום ברענטש, אויפפאדערענדיג אז זיין שוועס־טער זאל נאך אמאל אונטערזוכט ווערען, ווייל ער, אלס ברודער און בענעפישערי, איז געווען דער קאמיטע־מאן ביי דער דאק־טאר־אונטערזוכונג און א צווייטער קאמיטע־מאן זאל דערביי אנוועזענד זיין. נאך דעם ווי זי איז א צווייטען מאל אונטער־זוכט געווארען, איז איר אפליקיישאן געבליבען ליגען אין ברענטש. דערווייל אבער איז זי געשטארבען. די אפיס קא־מיטע האט ערקלערט, אז דער אפיס האט דעם ערשטען אפלי־קיישאן אין גאנצען צוריקגעוויזען און דער צווייטער אפלי־קיישאן איז אין אפיס קיינמאל ניט דערהאלטען געווארען. פאלגליך קאן דער א. ר. ניט זיין פאראנטווארטליך פאר די אינשורענס. די אפיס קאמיטע האט דארום באשלאסען, אז די טויטען־בענעפיט קאן ניט אויסגעצאלט ווערען. די גריוועגס קאמיטע האט גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער אפיס קאמיטע.

מיר ווילען ציען די אויפמערקזאמקייט פון די סעקרעטארען פון די ברענטשעס, דאס ווען עס ווערט איינגעפירט א מיטגליד אין ברענטש, זאלען זיי ניט האלטען די אפליקיישאנס ביי זיך, נאר דאס גלייך אריינשיקען אין גענעראל־אפיס און דערמיט פארהיטען דאס אזעלכע קייסעס זאלען אין דער צוקונפט ניט פאסירען.

2) מיר האבען געדענקט, אז די פראגע וועגען פעטערסאן און די לומס וועלען מיר היי־יאר מער ניט האבען. אבער, ווי עס זעהט אויס, וועט יעדע גריוועגס קאמיטע פון יעדען יאר האבען עטוואס צו באריכטען וועגען פעטערסאן.

אַ מיטגליד פון בר. 106 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס צו שטרייכען אים פאַר אַרבייטען אויף 3 לומס אין אַ ניו־יאָרקער פאַבריק. די פאַרשטעהער פון בראַנטש האָבען געצייגט אַ בריף פון דעם אַפּעלאַנט, אין וועלכען ער האָט זיך ענטזאַגט צו קומען צום מיטינג פון בראַנטש און ער האָט געשריבען, אַז ער וועט אַרבייטען אין דעם שאַפּ אַזוי לאַנג ווי דער גענעראַל־אָפיס פון דער יוניאָן וועט אים ערלויבען. דער אַפּעלאַנט ווידער האָט גע׳טענה׳ט, אַז צוליב דעם, וואָס עס איז ניטאָ קיין אַרבייט אין פּעטערסאָן, איז ער געקומען אין ניו־יאָרק און געגאַנגען אַרבייטען אין יענעם שאַפּ מיט דער צושטימונג פון דעם גענעראַל־אָפיס פון דער „אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָרקערס“, ווייל ער האָט געוואָלט העלפען אָרגאַניזירען יענעם שאַפּ. ניט קוקענדיג דערויף האָט אים זיין בראַנטש באַשטראָפט מיט $99.99 פאַר אַרבייטען מער ווי אויף צוויי לומס, אַבוואָל אין ניו־יאָרק איז ניטאָ קיין יוניאָן פון זייער טרייד. די גריוועגס קאָמיטע האָט אָנגעפרעגט וועגען דעם ביי דעם גענעראַל־אָפיס פון דער אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָרקערס, וועלכע האָט געענטפערט, אַז זיי נעמען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס דער באַטרעפענדער אַרבייט אין יענעם שאַפּ, ווייל אין ניו־יאָרק איז ניטאָ קיין לאָקאַל פון דער „בראָוד סילק אינדאָסטרי“ און לויט זייער קאָנסטיטוציע געפינען זיך מיטגלידער פון דער יוניאָן אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דעם גענעראַל־אָפיס, אויב זיי אַרבייטען אין אַ שטאָט וואו עס איז ניטאָ קיין לאָקאַל. דער גענעראַל־אָפיס פון דער יוניאָן האָט אויך אָנגעדייטעט אין דעם בריף, אַז דער אַפּעלאַנט האָט געטאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט פאַר דער יוניאָן און זיי גיבען אים די ערלויבניש צו אַרבייטען אין יענעם שאַפּ. דער פּעטערסאָנער לאָקאַל פון דער „אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָרקערס“ האָט וועגען דער אַנגעלעגענהייט געשריבען, אַז דער באַטרעפענדער האָט זיי געמאָלדען אין עטליכע טעג אַרום נאָך דעם ווי ער האָט זיך געשטעלט אַרבייטען אין דעם שאַפּ אין ניו־יאָרק און איז אויף אַזאַ אופן נאָכגעקומען די פאָדערונג פון זייער קאָנסטיטוציע. אַז זיי האָבען אים שטענדיג באַטראַכט פאַר אַן אַקטיווען יוניאָן מיטגליד, נאָר נאָך דעם ווי דער אָרטיגער אַ. ר. בראַנטש האָט געמאַכט אויסזעצונגען געגען זיין אַרבייטען אין דעם ניו־יאָרקער שאַפּ און זיי האָבען גענומען אונטערזוכען זיין יעצטיגע שטעלונג צו דער יוניאָן, האָבען זיי אָנגעפאַנגען דענקען, אַז דער באַטרעפענדער איז געגאַנגען אַרבייטער מער אויס פּערזענליכע מאָטיווען ווי אויס אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט פון דער יוניאָן. אויף דעם גרונד פון דעם צושריפט פון דעם גענעראַל־אָפיס פון דער „אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָרקערס“, וועלכע דאַרף אין דער פראַגע מער אין אַנבאַטראַכט גענומען ווערען אַלס אויטאָריטעט ווי בר. 106, האָט די גריוועגס קאָמיטע באַשלאָסען אַרונטערצונעמען די שטראָף פון דעם אַפּעלאַנט, נאָר טאַדלען אים פאַר דעם טאָן אין זיין בריף, אין וועלכען ער האָט געשריבען דעם בראַנטש, אַז ער וועט ניט קומען צו דער „הירינג“, ווייל מיר דענקען, אַז יעדער מיטגליד דאַרף און מוז האָבען פליכטען צו זיין בראַנטש, אין וועלכען ער באַלאַנגט.

3) אַ מיטגליד פון אַ. ר. האָט אַריינגעבראַכט אַ קלאַגע געגען אַ מיטגליד פון אַ ניו־יאָרקער בראַנטש, וועלכער האָט אָנגענומען אין דער נעקסטער פאַרוואַלטונג און איז אויך ערווילט געוואָרען אַלס דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן. די קלאַגע געגען דעם מיטגליד איז באַשטאַנען אין פאָלגענדעס:

ביי דעם פּיקניק פון ניו־יאָרקער בראַנטש פון „בונד“ איז דער באַטרעפענדער באַשטימט געוואָרען אַלס דער „העד“ פון דער באַר קאָמיטע. דער „בונד“ האָט פריער באַשלאָסען, אַז אַלע די, וואָס שטעהען ביים באַר, זאָלען ניט נעמען קיין געלט, נאָר טשעקס. דער באַטרעפענדער האָט אָבער יאָ גענומען געלט און דאָס ניט אַוועקגעגעבען. אויסהערענדיג די קלאַגע, האָט אונזער קאָמיטע באַשלאָסען זיך צו ווענדען צום בראַנטש פון „בונד“ און פאַרלאַנגען, אַז זיי זאָלען אונז געבען אַלע איינצעלהייטען, ווי אויך די פּראָטאָקאָלען, אין וועלכע זיי האָבען אים געפונען שולדיג. דער „בונד“ האָט געשיקט אַ קאָמיטע פון די יעניגע, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער אָנקלאַגע, ווי אויך די פּראָטאָקאָלען פון אַלע פאַרהאַנדלונגען.

אויסהערענדיג די פאַרטרעטער פון ניו־יאָרקער בראַנטש פון „בונד“ און דורכלעזענדיג אַלע פּראָטאָקאָלען פון די פאַרהאַנדלונגען, לויט וועלכע ער איז געפונען געוואָרען שולדיג אין די אויבען־דערמאָנטע קלאַגען, און אויך אויסהערענדיג די פאַרטיידיגונג פון דעם אָנגעקלאָגטען, האָבען מיר איינשטימיג באַשלאָסען צו געפינען דעם אָנגעקלאָגטען שולדיג אין די קלאַגען, וועלכע זיינען צו אונז אַריינגעבראַכט געוואָרען.

4) אַ מיטגליד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון זיין בראַנטש צו באַשטראָפען אים מיט $99.99. דער באַטרעפענדער האָט געאַרבייט אַלס אַ פאָרמאַן אין אַ ניטינג מיל און מען האָט אים אָנגעקלאָגט, אַז ער האָט אין צייט פון סטרייק אַרויפגענומען סקעבס און זיי געלערנט אַרבייטען. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט יעדען נייעם אַרבייטער דערקלערט, אַז עס איז אַ סטרייק און אים געפרעגט צי ער איז וויליג צו געהן אַרבייטען. אַלס פאָרמאַן האָט ער אַנדערש ניט געקענט האַנדלען. די פאַרטרעטער פון בראַנטש האָבען דערקלערט, אַז ביי דער אונטערזוכונג האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער באַטרעפענדער האָט אָנגעפירט דעם גאַנצען סטרייק, און ווען ניט ער, וואָלט דער סטרייק געסעטעלט געוואָרען אין עטליכע טעג. די אונטערזוכונגס קאָמיטע, אַזוי גוט ווי דער בראַנטש, האָבען אים געפונען שולדיג אין די קלאַגען און האָבען אים באַשטראָפט מיט $99.99. אויף אונזער אָנפראַגע האָט די „ניט גודס וואָרקערס יוניאָן“ געשריבען, אַז דער באַטרעפענדער האָט געשטערט דעם סטרייק און האָט זיך זאָגאַר אויסגעדריקט, אַז ער וועט צוברעכען די יוניאָן און נאָך דעם סטרייק האָט ער זיך ענטזאַגט צו נעמען צוריק דעם שאַפּ־טשערמאַן, וועלכער איז געוועזען אַן איבערגעגעבענער יוניאָן־מאַן. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון בראַנטש. דער אָנגעקלאָגטער האָט איצט אַפּעלירט צו דער נייישאָנאַל באָרד אָוו דירעקטאָרען.

5) די דזשולערי וואָרקערס יוניאָן האָט אַפּעלירט געגען דער אַנטשיידונג פון אַ בראַנטש וועגען זייערען אַ מיטגליד, וועלכער איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון זייער יוניאָן. די גריוועגס קאָמיטע האָט געענטפערט די דזשולערי וואָרקערס יוניאָן, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע ווערען אַפּילס אויפגענומען בלויז פון בראַנטשעס און מיטגלידער פון אַ. ר., אָבער ניט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אין דעם ענטפער צו זיי איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז אַ מיטגליד פון זייער יוניאָן, וועלכער איז אויך אַ מיטגליד פון אַ. ר., קאָן נאָך אַמאָל אַריינברענגען אַ קלאַגע געגען אים אין בראַנטש און אויב די אַנטשיידונג פון בראַנטש וועט ניט זיין צופרידענשטעלענד, וועט דער אָנקלעגער דאַן קענען אַפּעלירען צו אונז געגען דער האַנדלונג פון בראַנטש.

6) אַ מיטגליד פון אַ בראַנטש האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס אַרונטערצונעמען פון זיין בענעפיט 20 דאָלאַר, וואָס זיי האָבען אויסגעגעבען אויף אים אין צייט פון זיין קראַנקהייט, ניט פרעגענדיג ביי אים. דער אַפּעלאַנט האָט דערקלערט, אַז דער בראַנטש־דאָקטאָר האָט אים געהייסען פאָרען אין קאַנטרי אויף 6 וואָכען. זייענדיג אין קאַנטרי, האָט דער בראַנטש ערפאַרען, אַז ער איז ערנסט קראַנק און זיי האָבען געוואָלט, אַז ער זאָל צוריקקומען אין ניו־יאָרק, כדי עקזאַמינירט צו ווערען ביי אַ ספּעציאַליסט. דער בראַנטש האָט געשיקט אַ קאָמיטע צו אים אין קאַנטרי, צו ברענגען אין ניו־יאָרק, ניט פרעגענדיג ביי אים פריער, צי ער וויל פאָרען, צי ניט. שפּעטער האָט דער בראַנטש אַרונטערגערעכענט פון זיין בענעפיט 20 דאָלאַר, וואָס האָט באַטראָפען די הוצאות פאַר שיקען דעם קאָמיטע־מאַן ברענגען אים אין ניו־יאָרק, און פאַר דער דאָקטאָר־עקזאַמינייישאָן. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם אַפּיל און באַאופטראַגען דעם בראַנטש אויסצוצאָלען אים די 20 דאָלאַר.

7) אַ מיטגליד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון זיין בראַנטש צו באַשטראָפען אים מיט 25 דאָלאַר פאַר עדות־זאָגען אין קאָורט געגען אַ צווייטען מיטגליד פון בראַנטש. דער אַפּעלאַנט האָט דערקלערט, אַז יענער מיטגליד האָט צוגענומען אַן אַרבייטערין און איר פאַרשפּראָכען צו געבען „סטעדי“ אַרבייט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער איר אָפּגעזאָגט מיט דעם אויסרייד, אַז זי איז ניט קיין גוטע אַרבייטערין. זי האָט פון אים דאַן געמאָנט אַ געוויסע סומע דורך קאָורט. דער באַטרעפענדער איז געגאַנגען עדות זאָגען, אַז זי איז יאָ אַ גוטע אַרבייטערין און דער באַלעבאָס האָט ניט געהאַט קיין אורזאַך איר צו ענטזאָגען. דער אַפּעלאַנט האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט אַרויסגעטראָטען אין קאָורט געגען דעם צווייטען מיטגליד פון בראַנטש אום צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון אַן אַרבייטערין. דער בראַנטש ווידער האָט גע׳טענה׳ט, אַז עס איז פאַר זיי געוועזען ניט אָנגענעם דאָס איין מיטגליד האָט אַרויסגעטראָטען געגען צווייטען אין קאָורט און זיי האָבען דאַרום דעם אַפּעלאַנט

באשטראפט מיט 25 דאלאר. עס איז באשלאסען געווארען נוטצוהייסען דעם אפיל און ארונטערצונעמען די שטראף פון דעם אפעלאנט, אויך שרייבען צום ברענטש, אז אין דעם פאל, ווען דער באטרעפענדער איז געגאנגען עדות־זאגען פאר אן ארבייטערין געגען א מיטגליד פון ברענטש, האט ער ניט פארבראכען די פרינציפען פון אונזער קאנסטיטוציע.

8) א מיטגליד האט אפעלירט געגען באשלוס פון זיין ברענטש צו באשטראפען אים מיט 50 דאלאר. א צווייטער מיטגליד פון ברענטש האט פונ'ם אפעלאנט געמאנט 25 דאלאר, וואס ער האט אים פריוואט געליען. דער ברענטש האט די קלאגע פארהאנדעלט, און אזוי ווי ער איז ניט געקומען צו דער אונטערזוכונגס קאמיטע, האבען זיי באשלאסען, אז ער זאל באצאלען 25 דאלאר צו דעם צווייטען מיטגליד, אויך באשטראפען אים מיט 25 דאלאר, ווייל ער האט זיך ענטזאגט צו קומען צו דער אונטערזוכונגס קאמיטע און פאר ניט קיין שיינע אויסדרוקען, וואס ער האט באנוצט געגען ברענטש. די גריוועוואנס קאמיטע האט באשלאסען, אז אין דער פראגע פון חוב קענען מיר זיך ניט אריינמישען, ווייל דער ברענטש דארף ניט ווערען דער אגענט אויפצומאנען חובות פון איין מיטגליד פאר דעם צווייטען. וואס אנבאלאנגט דעם אפעלאנטס באליידיגונג געגען ברענטש, איז באשלאסען געווארען צו באשטראפען אים מיט 5 דאלאר פאר די מלחמה־קרבנות און צוצונעמען פון אים דאס ווארט פאר 6 מאנאטען.

9) א מיטגליד האט אפעלירט געגען באשלוס פון זיין ברענטש צו באשטראפען אים מיט 25 דאלאר. ווי ער האט דערקלערט, האט אים דער ברענטש באשטראפט דערפאר, וואס ער האט געשריבען א פערזענליכען בריף אין גענעראל־אפיס, צו מאכען דעם ברענטש אויפמערקזאם, אז זיי זאלען זיין מער פארזיכטיג ביי דעם ארייננעמען נייע מיטגלידער, אום עס זאל זיך ניט אריינכאפען קראנקע מענשען אין א. ר. דער ברענטש האט געענטפערט, אז זיי האבען אים באשטראפט, ווייל ער האט ניט געהאט קיין אורזאך צו שרייבען אזא בריף אין גענעראל־אפיס. די גריוועוואנס קאמיטע האט באשלאסען ארונטערצונעמען פון אים די שטראף, ווייל אויב די האנדלונג פון ברענטש זאל גוטגעהייסען ווערען, וואלט דאס געבראכט, אז ברענטשעס זאלען קענען אינדירעקט פארווערען זייערע מיטגלידער צו מאכען דעם גענעראל־אפיס אויפמערקזאם אויף דער אדער יענער פראגע.

10) א מיטגליד פון א ברענטש אין פעטערסאן האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים פאר ניט באצאלען דעם טעקס פון 5 דאלאר פאר דעם לייבאר־לייסעאום, פאר וועלכען אלע א. ר. מיטגלידער פון שטאט צאלען אויס צו 65 סענט א קווארטאל, נאר דער באטרעפענדער האט אנגעגעבען פארשידענע תרוצים פאר ניט צאלען דעם טעקס, אבוואל דער באשלוס פון טעקס איז געפאסט געווארען שוין ארום צוויי יאר צייט. עס איז באשלאסען געווארען גוטצוהייסען די האנדלונג פון ברענטש און אויפפאדערען דעם אפעלאנט צו באצאלען דעם טעקס.

11) א מיטגליד האט אפעלירט געגען באשלוס פון זיין ברענטש צו שטרייכען אים פאר באלאנגען צו א רוזוועלט קלוב. ער האט גע'טענה'ט, אז ער האט צו דעם קלוב באלאנגט בלויז צום ארויסקריגען זיינע סיטיזען־פייפערס; ער האט אבער ניט געמיינט צו פארלעצען די פרינציפען פון א. ר., און יעצט, ווען ער האט זיינע סיטיזען־פייפערס, איז ער ווילינג פון דארטען ארויסצוגעהן און זיך אונטערשרייבען, אז ער וועט צו יענעם קלוב מער ניט באלאנגען. מיר האבען באשלאסען, אז דער אפעלאנט זאל ביים מיטינג פון זיין ברענטש זיך אנטשולדיגען פאר זיין האנדלונג און פארשפרעכען אין דער צוקונפט מער אזעלכעס ניט צו טאן. דער ברענטש זאל אים דעם מאל מוחל זיין און ארונטערנעמען פון אים די שטראף. ער ווידער זאל זיך גלייך צוריקציען פון קלוב.

12) א מיטגליד אפעלירט געגען באשלוס פון זיין ברענטש פאר מאנען פון אים צוויי דאלאר אלס שטראף פאר ניט קומען צום יערליכען באל. ווען דער אפיל איז אויפגענומען געווארען, האט זיך ארויסגעצייגט, אז דער ברענטש האט אים ווירקליך באשטראפט מיט די 2 דאלאר, אבוואל זיי האבען אויסער דעם א יערליכען טעקס פון 1 דאלאר צו פארגרעסערען דעם רעליף־פאנד. עס איז באשלאסען געווארען ארונטערצונעמען פון אים די שטראף און דערקלערען דעם ברענטש, אז זיי קענען ניט ארויפלייגען א שטראף אויף א מיטגליד פאר ניט קומען צום באל, ווען עס איז ניט באשטימט געווארען אין ברענטש ביי א ספעציעלען מיטינג, בפרט אין אזא ברענטש, וועלכער האט א טעקס יעדען יאר פון 1 דאלאר פאר דעם רעזערוו־פאנד.

13) א מיטגליד האט אפעלירט געגען באשלוס פון זיין ברענטש צו באשטראפען אים מיט 25 דאלאר פאר שטערען די ארבייט פון דער „דזשווירנימען טיילארס יוניאן". דער אפעלאנט האט דערקלערט, אז ער איז א קאנטראקטאר און אז ער האט ניט געקענט באלאנגען צו דער יוניאן. פאלגליך איז די שטראף געווען אומגעזעצליך. ער האט אבער אליין צוגעגעבען, אז ער האט געהאלפען ארגאניזירען אן „אומאפהענגיגע" יוניאן. דער ברענטש ווידער האט דערקלערט, אז דער באטרעפענדער האט געהאלפען ארגאניזירען אן „אומאפהענגיגע" יוניאן, וועלכע האט געהאט אלס איר אויפגאבע צו צוברעכען די עקזיסטירענדע יוניאן און אז ער האט בכלל געשטערט די ארבייט פון זייער יוניאן אין זייער קאמף צו ארגאניזירען זיך געגען די באסעס. דער ברענטש האט אים דארום באשטראפט מיט 25 דאלאר, וואס פילע מיטגלידער באטראכטען אלס זעהר א מילדע שטראף. די גריוועוואנס קאמיטע האט באשלאסען גוטצוהייסען די האנדלונג פון ברענטש.

## אפילס וועגען קראנקען־בענעפיט

דעם יאר האבען מיר געהאט מער אפילס וועגען קראנקען־בענעפיט ווי אין די פריערדיגע יארען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, דאס די ברענטשעס אטענדען ניט ריכטיג צו די פריינדע, וואס מעלדען זיך קראנק. די נאכלעסיגקייט פון די סעקרעטארען און האספיטעלער פון די ברענטשעס צו שיקען קאמיטעס צו די קראנקע מיטגלידער איז ווירקליך א פארברעכען געגען די, וועלכע זיינען בארעכטיגט צו קריגען בענעפיט. עס טרעפט זעהר אפט, אז דער האספיטעלער אדער סעקרעטער פארגעסט צו שיקען קאמיטעס צו דעם קראנקען פריינד און אונטערשרייבען דעם דאקטאר־אטעסט. נאך דעם ווי דער מיטגליד איז ניט באזוכט געווארען פון קאמיטעס, ברענגט ער געוויינטליך א סטייטמענט פון א דאקטאר פאר דער צייט וואס ער איז קראנק געווען. דער סעקרעטער שיקט דעם אטעסט אריין אין גענעראל־אפיס און דער אפיס שיקט דעם דאקטאר־אטעסט צוריק צום ברענטש, ווייל ער איז ניט געזעצליך אויסגעפילט. דער ברענטש אפעלירט צו דער נאציאנאלער בענעפיט קאמיטע. די בענעפיט קאמיטע ווייזט דאס צוריק און דאן אפעלירט מען צו אונז. מיר מוזען זיך האלטען אין די ראמען פון געזעץ. דערווייל ליידעט דער אומשולדיגער מיטגליד, וועלכער איז ווירקליך בארעכטיגט געווען צו זיין קראנקען־בענעפיט.

עס איז ווינשענסווערט, אז די מיטגלידער זאלען זיך ווענען דעם אריינטראכטען און זעהן אז אין זייערע ברענטשעס זאל אזעלכעס מער ניט פאסירען.

## אפילס צו דער נאציאנאלער בארד או דירעקטארס

פון די 95 קייסעס, וועלכע מיר האבען פארהאנדעלט, זיינען עטליכע אפעלירט געווארען צו דער נאציאנאלער בארד או דירעקטארס געגען אונזער אנטשיידונג, און פון די דאזיגע אפילס האט די נאציאנאלע בארד או דירעקטארס גוטגעהייסען אונזער האנדלונג אין אלע קייסעס א חוץ די צוויי קייסעס פון בר. 45 און 395, האט זי אונזער אנטשיידונג צוריקגעוויזען. מיר גיבען אייך דא איבער די ביידע קייסעס.

א מיטגליד פון בר. 45 אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו באשטראפען אים מיט 50 דאלאר. דער ברענטש דערקלערט, אז זיי האבען אים באשטראפט, ווייל אין צייט פון עלעקשאן האט ער זיך רעגיסטרירט אלס רעפובליקאנער. דער אפעלאנט גיט צו דאס ער האט זיך רעגיסטרירט אלס רעפובליקאנער, נאר געשטימט האט ער דעם סאציאליסטישען טיקעט, ווייל אין יענער סטייט איז דא א געזעץ, דאס ווען מען רעדזשיסטרירט זיך זאל מען אנגעבען פאר וועלכער פארטיי, אבער אין צייט פון עלעקשאן קען מען שטימען פאר וועמען מען וויל, און ער פארזיכערט, אז ער האט אלע מאל זייט ער איז א בירגער געשטימט פאר דער סאצ. פארטיי, און אז אין דער צוקונפט וועט דאס ניט פאסירען. נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז ער גיט צו דאס ער איז באגאנגען א פעלער און האט פארשפראכען אין דער צוקונפט מער אזעלכעס ניט צו טאן, האט די גריוועוואנס קאמיטע באשלאסען צו פארקלענערען זיין שטראף אויף 5 דאלאר.

א מיטגליד פון בר. 395 אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו באשטראפען אים מיט 99 דאלאר. דער ברענטש

האָט דערקלערט, אַז זיי האָבען אים באַשטראָפט, ווייל ער פלעגט שטערען די מיטינגען פון ברענטש. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו טראַנספערירען אים אלס „מעמבער עט לאַרדזש" און אַרונטערנעמען פון אים די שטראָף, ווייל אויף אַזאַ אופן וועט ער באַזייטיגט ווערען פון ברענטש און עס וועלען מיט דעם אויסגעמידען ווערען ווייטערדיגע רייבונגען פון ברענטש.

שלום

ווי איר זעהט, האָבען מיר אייך אין קורצען איבערגעגעבען אַ טייל פון די מער וויכטיגע קייסעס, וועלכע מיר האָבען פאַרהאַנדעלט. מיר ווילען בלויז צוגעבען, אַז אין מאַנכע פאַלען, וואו עס איז געווען נייטיג אונזער אַנוועזענהייט ביי די ברענטש־מיטינגען, זיינען מיר געווען פאַרטראָטען דורך אונזער קאָמיטע, וואָס האָט געשליכטעט אַלע צווייסטיגקייטען צו דער צופרידענהייט פון אַלע צדדים.

מיר באַגריסען די דעלעגאַטען צו דער 21טער יערליכער קאָנווענשאָן און מיר באַדאַנקען אַלע מיטגלידער פון אַ. ר. פאַר דעם צוטרויען וואָס זיי האָבען אונז געשענקט.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמיטע, אַרבייטער־רינג.

# באַריכט פון דער קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמיטע

אַב. עפשטיין, טשערמאַן; ל. ראָטהמאַן, סעקרעטער; אַ. דינערשטיין, אַ. לאַנגער, ר. גוסקין.

פריינדע, מיר גיבען אייך דאָ איבער אַ קורצען איבערבליק וועגען דער דורכפירונג פון אונזער מיסיאָן וואָס דער לעצטער קאָנווענשאָן האָט אונז אַנפערטרויעט — נעמליך: צו רעווידירען די קאָנסטיטושאָן פון אַ. ר.

פון דעם 16טען קאָנווענשאָן אָן, ווען די איצטיגע קאָנסטיטושאָן איז אָפיציעל ראַטיפיצירט געוואָרען, איז ניט אַוועק קיין איין יאָר אַז קאָנווענשאָנס און רעפערענדומס זאָלען ניט אָננעמען נייע אַמענדמענטס, אָדער פאַסען באַשליסע, וועלכע זיינען געוואָרען אַ טייל פון דער קאָנסטיטושאָן. ס'איז דאַריבער פאַרשטענדליך, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע פיער יאָר האָבען זיך אָנגעקליבען אַ היבש ביסעל אָנגענומענע אַמענדמענטס און באַשליסע וועלכע מ'האָט געדאַרפט פאַרזיכטיג דורכקוקען, אויסבעסערען, קלאַסיפיצירען און אַריינפאַסען אין דער קאָנסטיטושאָן אונטער די אַרטיקלען און פאַראַגראַפען וואו זיי באַלאַנגען.

אויסער דעם האָבען מיר פאַר זיך געהאַט אַ גאַנצע רייע מיט קאָמפּליצירטע לעגאַלע פראַגען וואָס זיינען געקומען אין באַרירונג מיט אונזער קאָנסטיטושאָן דורך די געזעצע פון מאַנכע סטייטס אין וועלכע דער אַ. ר. איז פאַר די לעצטע עטליכע יאָר געטשאַרטערט געוואָרען. אַט די פראַגען האָבען געפאָדערט אַן ערנסטע און גענויע בעטראַכטונג.

עטליכע וואָכען כסדר האָבען מיר געהאַלטען וועכענטליכע זיצונגען און באַראַטונגען. בעטראַכט יעדען פונקט פון אונזער קאָנסטיטושאָן און דאָרט וואו ס'איז געווען נויטיג אָדער בעטער געזאָגט, דאָרט וואו מ'האָט געמוזט זיינען געמאַכט געוואָרען ענדערונגען אָדער אויסבעסערונגען.

מיר קאָנען ניט אין דעם רעפּאָרט זיך אָפּשטעלען און אָנצייגען באַריכות וועלכע טיילען פון דער קאָנסטיטושאָן זיינען געענדערט געוואָרען, ווייל עס וואָלט זיכער פאַרנומען צופיל פלאַץ. מיר גלויבען אַז די דעלעגאַטען פון דער 21טער קאָנווענשן האָבען דורכגעזעהן די געדרוקטע קאָפּיעס, וואָס איז צו זיי צוגעשיקט געוואָרען, און האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו שטודירען וועלכע פונקטען עס זיינען נייע, געענדערטע אָדער אויסגעבעסערטע.

מיר האַלטען אָבער פאַר וויכטיג צו זאָגען עטליכע ווערטער וועגען מאַנכע נייע וויכטיגע פונקטען, וואָס מיר האָבען צוגעגעבען און אויך וועגען אַן אָנגענומענעם רעפערענדום באַשלוס וואָס מיר האָבען געפונען פאַר נויטיג אַרויסצולאָזען פון אונזער קאָנסטיטושאָן.

די נייע פונקטען זיינען אין „אַרטיקעל 5", פאַראַגראַף 1 ד. און דער „אַרטיקעל 11" אין וועלכען דער אויפהאַלטען פון סאַניטאַריום פאַר אונזערע קאָנסאָמפּטיוו מיטגלידער ווערט אַ געזעצליכער בענעפיט אין אַ. ר.

אין פאַרלויף פון די לעצטע 11 יאָר וואָס דער סאַניטאַריום נעמט אַריין קראַנקע מעמבערס אלס פּאַציענטען, זיינען מערערע מאָל פאָרגעקומען מיינונגספאַרשידענהייטען און מיספאַרשטענדניסע וועגען די רעכטע און פליכטען פון די וואָס דאַרפען אַריינגענומען ווערען, אָדער פון די וועלכע זיינען שוין אַריינגענומען געוואָרען.

צוליב אָט די מיספאַרשטענדניסע איז פילע מאָל אויסגעקומען אַז די אָדער יענע קאָמיטע האָט געדאַרפט מאַכען אויסטייטשונגען און עס פאַרשטייט זיך אַז אויסטייטשונגען קענען ניט אַלע מאָל צופרידענשטעלען אַ געוויסען צד. מיר האָבען איינגעזעהן אַז עס איז דורכאויס נייטיג איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסטצושטעלען די כללים און רעגעלען פון סאַניטאַריום, און באַשטימען די רעכטע און פליכטען פון די, וואָס זיינען יאָ אָדער ניט באַרעכטיגט צו ווערען אויפגענומען אין סאַניטאַריום — אַזוי אַז קיין מיינונגס־פאַרשידענהייטען און אויסטייטשונגען זאָלען מער ניט דאַרפען פאָרקומען.

דער רעפערענדום באַשלוס וועלכען מיר האָבען אַרויסגעלאָזען איז: אַז מער ווי דריי יאָר נאָכאַנאַנד זאָל קיינער ניט קענען זיין אַ מעמבער אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. אָט דער פאַקט איז אָנגענומען געוואָרען אין איילעניש מיט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי אָדער דריי שטימען ביים 19טען קאָנווענשאָן אין דיטראָיט, און איז נאָכער גוטגעהייסען געוואָרען פון רעפערענדום.

מיר גלויבען, אַז אָט דער פאַקט איז ניט נאָר ניט קיין לאָגישער און אויסגעהאַלטענער, נאָר פשוט נאַריש און לעכערליך. און עס פּאַסט גאָר ניט פאַר אַ פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציאָן ווי דער אַ. ר. צו האָבען אַזאַ פאַרשריפט אין דער קאָנסטיטושאָן, וועלכע זאָל באַשרענקען דעם טערמין פאַר די וועלכע זיינען ווילינג אַוועקצוגעבען זייער צייט און פייאיגקייטען פאַר דעם אָרדען. אויב אַ מיטגליד איז פאַסענד און גוט אין דער פאַרוואַלטונג דריי יאָר נאָכאַנאַנד, פאַר וואָס זאָל ער ניט קענען אָננעמען — אויב ער וויל נאָר — פאַר אַ ווייטערען טערמין? פאַרקערט, דער שכל־הישר איז גאָר: אַז וואָס לענגער איינער איז אין דער פאַרוואַלטונג אַלץ מער ערפאַרענער און פעאיגער ווערט ער און קען אַלץ בעסער דינען די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע אַרגומענטען פאַר וואָס אָט דער פונקט טאָר ניט אַריינגיין אין אונזער קאָנסטיטושאָן, די גאַנצע פראַגע איז אָבער אַזוי ניט וויכטיג, אַז מ'זאָל דאַרפען וועגען דעם פאַרלירען צופיל פלאַץ און צייט.

מיר ווילען בלויז אָנדייטען אַז אין דער גאָר אַלטער קאָנסטיטושאָן האָט זיך אַמאָל געפונען אַן ענליכער געזעץ, אָבער ער איז שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרען. און אין דער צייט ווען אָט דער געזעץ האָט ניט מער עקזיסטירט זיינען עקזעקוטיוו מיטגלידער געווען אין אַמט צו פיר, פינף, אָדער מערערע טערמינען און דער אַרבייטער רינג האָט דערפון גאָר ניט פאַרלאָרען.

מיר זעהן דעריבער ניט קיין איין לאָגישע אורזאַך פאַר וואָס אָט דער פונקט זאָל ווערען אַ געזעץ אין אונזער קאָנסטיטושאָן.

ביי דער זיצונג פון ספּעשעל קאָנווענשאָן וואָס איז אין מאָנאַט יאַנואַר אָפּגעהאַלטען געוואָרען צוליב געזעצליכע פראַגען איז די אויסגעבעסערטע קאָנסטיטושאָן פאָרגעלעזען געוואָרען, און מיט דער באַראַטונג פון אונזער אָפיציעלען לאָיער פון מאַסאַטשוזעטס, גענ. ביראַק, זיינען אונזערע פונקטען געענדערט און אויסגעבעסערט געוואָרען אין איינקלאַנג מיט דעם געזעץ פון יענעם סטייט.

אין אַלגעמיין גענומען זיינען אין דער קאָנסטיטושאָן ניטאָ זעהר קיין פילע ענדערונגען. עס זיינען נאָר געענדערט געוואָרען פונקטען וועלכע האָבען זיך מערסטענס באַצויגען צו געזעצליכע פראַגען, ווי צום ביישפּיל: וועגען צאָלונגען און טעקסעס, רעכטע פון קאָנווענשאָנס, וואַלען פאַר נאַציאָנאַלע בעאַמטע אַ. ז. וו. אַלע אַלטע פונקטען וועלכע זיינען ניט אין געגענזאַץ פון די געזעצע פון אירגענד וועלכען סטייט זיינען מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען געבליבען ניט געענדערט.

מיר גיבען יעצט איבער אונזער אַרבעט צו דער קאָנווענשאָן. עס בלייבט איבער פאַר אייך דעלעגאַטען צו באַטראַכטען ערנסט אַלע פונקטען, און זאָגען אייער לעצטען וואָרט איידער איר גיט איבער צו דער ברייטער מיטגלידערשאַפט די ראַטיפיצירונג פון דער קאָנסטיטושאָן — וועלכע וועט פאַר די נעקסטע פינף יאָר דאַרפען זיין דער געזעץ־בוך פון אונזער גרויסען אָרדען.

קאָנסטיטושאָן־רעוויזיאָנס קאָמיטע.

# באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

מ. וואָלבערג, טשערמאַן; מ. שפּינראַד, ווייס־טשערמאַן;
ב. פּרישוואַסער, י. אַלפּערט, ה. נעכאַמקין.

צו אַלע דעלעגאַטען פון דער 21־טער יערליכער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגלידער פון א. ר.

ווערטע פריינדע, איבערגעבענדיג דעם באַריכט פאַר אַ יאָר אַרבייט, וואָס מיר האָבען אַוועקגעגעבען צו פאַרוואַלטען דעם סאַניטאַריום, פילען מיר זיך שטאָלץ מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבען אין פאַרלויף פון יאָר געטאָן דאָס בעסטע און אָנגעווענדט אַלץ וואָס ס'איז נאָך געווען מעגליך, אַז אונזער סאַניטאַריום זאָל געפירט ווערען אויף דעם זעלבען וועג, אין דעם זעלבען גייסט, און אָנהאַלטען דעם פּרעסטיזש, וואָס איז אָנגעצייכענט געוואָרען פון די גרינדער פון דער דאָזיגער אינסטיטוציע, — צו זיין דער שטאָלץ פאַר יעדען מיטגליד פון א. ר. און פאַר דער גאַנצער אידישער אַרבייטערשאַפט.

צוזאַמען מיט דעם וואוקס און פּראָגרעס פון אונזער אָרגאַניזאַציע, וואַקסט און פּראָגרעסירט אויך אונזער סאַניטאַריום. די פאַרשידענע נייע איינריכטונגען, אויסבעסערונגען, וואָס ווערען יעדען יאָר געמאַכט, האָבען אַוועקגעשטעלט אונזער סאַניטאַריום אַלס אַ מוסטערהאַפטע אינסטיטוציע, וועלכע קאָן זיך מעסטען מיט די גרעסטע ענליכע אַנשטאַלטען איבער'ן לאַנד. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז וואָס גרעסער די אינסטיטוציע ווערט, אַלץ שווערער און נאָך מער פאַראַנטוואָרטליכער ווערען די אויפגאַבען פון די וואָס דאַרפען אַזאַ אינסטיטוציע פאַרוואַלטען. און מיט דעם געפיל פון אַט דער פאַראַנטוואָרטליכקייט האָבען מיר דעם יאָר בייגעשטייערט אונזער טייל, האָפענדיג אין זינען די אינטערעסען פון אַט דער גרויסער אינסטיטוציע בכלל און פון די פּאַציענטען בפרט. מיר זיינען איבערצייגט, אַז אונזער טייל אַרבייט וועט ניט אַוועק אומבאַמערקט און וועט פון אונזער גרויסער מיטגלידערשאַפט געהעריג אָפּגעשאַצט ווערען.

## דער אויפהאַלטונגס פאָנד

ווי איר וועט זעהן פון די ציפערן אין די פאַרשידענע טאַבעלען פון דעם רעפּאָרט, האָט דער אויפהאַלטונגס פאָנד דעם יאָר געהאַט מיט איבער 13 טויזענט דאָלאַר מער אויסגאַבען ווי לעצטען יאָר. אויך איז געשטיגען די קאָסט פּער קעפּיטאַ אין פאַרגלייך מיט לעצטען יאָר. אין 1919 האָט אין דורכשניט געקאָסט אויפהאַלטען אַ פּאַציענט $4.24 אַ טאָג און אין 1920 איז די דורכשניטליכע אויפהאַלטונג פון אַ פּאַציענט געשטיגען ביז $5.75 אַ טאָג. דערביי איז ווערט צו דערמאָנען, אַז די צאָל פּאַציענטען אין 1920 איז געווען קלענער ווי אין 1919. אין 1920 איז די דורכשניטליכע צאָל פּאַציענטען געווען 52, און אין 1919 איז די דורכשניטליכע צאָל געווען 62.

אויבערפלעכליך קאָן זיך דוכטען, אַז אויב די צאָל פּאַציענטען איז קלענער, דאַרפען די אויסגאַבען פאַרקלענערט ווערען אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע. אָבער דאָס איז טאַקע נאָר אויבערפלעכליך. אין דער ווירקליכקייט איז עס אָבער פּונקט פאַרקערט: וואָס קלענער עס איז די דורכשניטליכע צאָל פון פּאַציענטען, אַלץ גרעסער איז די פּער קעפּיטאַ קאָסט און וואָס גרעסער עס איז די דורכשניטליכע צאָל פון פּאַציענטען, אַלץ קלענער איז פאַרהעלטניסמעסיג די פּער קעפּיטאַ קאָסט. דאָס איז פּשוט דערפאַר, ווייל כמעט אַלע אויסגאַבען (מיט דער אויסנאַם פון שפּייז) און אפילו די צאָל אָנגעשטעלטע קענען ניט פאַרקלענערט ווערען, אָן אונטערשיד צי אין סאַניטאַריום געפינען זיך 10 אָדער 20 פּאַציענטען ווייניגער. עס איז דאַרום קלאָר, אַז דער פּער קעפּיטאַ איז קלענער, ווען עס איז דאָ אַ גרעסערע צאָל פּאַציענטען, ווייל דאַן ווערען די אויסגאַבען פאַנאַנדערגעוואָרפען צווישען אַ גרעסערער צאָל מענשען; און דער פּער קעפּיטאַ איז גרעסער, ווען ס'איז דאָ אַ קלענערע צאָל פּאַציענטען, ווייל דאַמאָלס ווערען כמעט די זעלבע אויסגאַבען פאַנאַנדערגעוואָרפען צווישען אַ קלענערער צאָל מענשען. זעהר בולט זעהט זיך דאָס אַרויס פון פאָלגענדע ציפערן:

אויף שפּייז אַליין (זעה טאַבעלע פון אויסגאַבען אויף שפּייז) איז אין פאַרלויף פון 1920 אויסגעגעבען געוואָרען $44,879.59, אין 1919 איז אויף שפּייז אויסגעגעבען געוואָרען $46,748.56. אין משך פון 1920 איז, אַלזאָ, אויסגעגעבען געוואָרען מיט קנאַפּע $2000 ווייניגער, ווי אין 1919, ווייל אין 1920 איז אין דורכשניט געווען טעגליך מיט צען פּאַציענטען ווייניגער ווי אין 1919. דאָך, ווי די זעלבע טאַבעלע באַווייזט, איז דער פּער קעפּיטאַ פאַר שפּייז אַליין געשטיגען אין 1920: אין 1919 איז די דורכשניטליכע קאָסט פון שפּייז געווען $2.20 אַ טאָג, אין 1920 איז די דורכשניטליכע קאָסט פון שפּייז געווען $2.24 אַ טאָג. ערשטענס, ווייזען אַט די ציפערן, אַז אפילו אויף שפּייז קאָן מען קיין סך ניט שפּאָרען, זאָגאַר ווען ס'איז פאַראַן צען פּאַציענטען ווייניגער אין פאַרלויף פון אַ גאַנץ יאָר; צווייטענס ווייזען די זעלבע ציפערן, אַז אָבוואָל די אַלגעמיינע אויסגאַבען זיינען פאַרקלענערט געוואָרען, איז די פּער קעפּיטאַ צוליב דער קלענערער צאָל פּאַציענטען פאַרגרעסערט געוואָרען.

ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, אַז די פּרייז פון כמעט אַלע פּראָדוקטען און זאַכען, וואָס ווערען געברויכט אין סאַניטאַריום, איז אין פאַרלויף פון די ערשטע 6־8 מאָנאַטען פון לעצטען יאָר ווידער געשטיגען; אַז דאָס געהאַלט פון אָנגעשטעלטע איז געהעכערט געוואָרען, — איז דער פאַרהעלטניסמעסיגער וואוקס אין אַלגעמיינע אויסגאַבען, אין פאַרגלייך מיט לעצטען יאָר, ניט געווען אַבנאָרמאַל.

## ענדערונג פון מעדיצינישען פּערזאָנאַל

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מיר האָבען איבערגענומען אונזער אַמט, האָט דר. פיש דערקלערט, אַז ער בעט אָנצונעמען זיין רעזיגנאַציע, ווען זיין טערמין וועט זיך ענדיגען, דאָס הייסט דעם 10־טען אויגוסט 1920. דר. פיש איז געווען אַנטשלאָסען צו רעזיגנירען, ווייל ביי אים איז געווען אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צוריקצופאָרען אין לאָס־אַנדזשעלעס.

פאַר אונז איז ווידער געשטאַנען די אויפגאַבע צו קריגען אַ פּאַסענדען דאָקטאָר, וועלכער זאָל פאַרנעמען דעם אַמט פון מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַניטאַריום. נאָך איינינע באַראַטונגען מיט דער מעדיקאַל אַדוויזערי באָרד און הויפּטזעכליך מיט דר. האַלפּערן, אַדמיטינג און וויזיטינג דאָקטאָר פון סאַניטאַריום, האָבען מיר באַשלאָסען אָנצושטעלען דר. ב. ס. אַנטאָנאָווסקי, וועלכער איז שוין געווען באַקאַנט מיט אונזער סאַניטאַריום.

דר. אַנטאָנאָווסקי האָט אַ לענגערע צייט פּראַקטיצירט אין ליבערטי, און שוין דאַדורך אַליין איז אונזער סאַניטאַריום אים ניט געווען פרעמד. אויסער דעם איז ער מיט עטליכע יאָר צוריק געווען דער צייטווייליגער מעדיקאַל פון סאַניטאַריום, אין דער צייט ווען איין דאָקטאָר איז אַוועק און איידער דער צווייטער איז אָנגעקומען.

דעם 22־טען אויגוסט האָט דר. אַנטאָנאָווסקי אָפיציעל איבערגענומען דעם אַמט. צו דער געלעגענהייט איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ אונטערהאַלטונג, וועלכע האָט געדינט אַלס אָפּשייד צו דר. פיש און אויפנאַמע פאַר דר. אַנטאָנאָווסקי. אַלע די, וועלכע זיינען אַנוועזענד געווען ביי יענער אונטערהאַלטונג, וועלען די שטימונג, וואָס האָט געהערשט, קיינמאָל ניט פאַרגעסען. די פּאַציענטען, די אָנגעשטעלטע, די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס האָבען זיך אויף אַ האַרציגען אופן געזעגענט מיט דר. פיש, וועלכער האָט פאַר דעם יאָר צייט, וואָס ער איז געווען פאַרבונדען מיט דעם סאַניטאַריום, זיך דערוואָרבען די ליבע און אכטונג פון אַלע די, מיט וועלכע ער איז געקומען אין באַרירונג. דער אָפּשייד, וואָס די פּאַציענטען האָבען געגעבען דר. פיש, האָט דעמאָנסטרירט, אַז איבערגעבענע אַרבייט ווערט ניט אונטערשעצט.

פאַר דר. אַנטאָנאָווסקי איז דאָס זיכער געווען אַ דערמוטיגונג פאָרצוזעצען די אַרבייט מיט ניט ווייניגער ליבע ווי זי איז געטאָן געוואָרען פון דר. פיש.

פאַר די עטליכע מאָנאַטען וואָס ער איז אין סאַניטאַריום האָט ער באַוויזען, אַז אַלע פּאַציענטען, וואָס זיינען אין דער צייט געווען אונטער זיין אויפזיכט, זיינען געוואָרען צו אים צוגעבונדען, און אים געשאָנקען דעם נייטיגען רעספּעקט.

אין דער צייט פון אונזער טערמין איז אויך אויסגעקומען צו בייטען איינינע אַסיסטענט דאָקטוירים, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט צופּאַסען צו דער אַטמאָספערע.

אין יאָהר 1920 זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין סאַנאַטאָריום 112 פּאַציענטן

טאַבעלע I

צווישן די צאָל פון פּאַציענטן וועלכע האָבן אַרבעטער צייט אַמאָל פון אַלע טובערקולאָז [illegible]

| וויפיל פּאַציענטן | צו וויפיל די פּאַציענטן זיינען קראַנק געווען |
|---|---|
| 23 | צווישן איין יאָהר און 2 יאָהר |
| 10 | צווישן 2 און 3 |
| 16 | צווישן 3 און 4 |
| 15 | צווישן 4 און 5 |
| 6 | צווישן 5 און 6 |
| 9 | צווישן 6 און 7 |
| 5 | צווישן 7 און 8 |
| 6 | צווישן 8 און 9 |
| 1 | צווישן 9 און 10 |
| 5 | צווישן 10 און 11 |
| 3 | צווישן 11 און 12 |
| 1 | צווישן 12 און 13 |
| 2 | צווישן 13 און 14 |
| 3 | צווישן 14 און 15 |
| 4 | צווישן 15 און 16 |
| 2 | צווישן 16 און 17 |
| — | צווישן 17 און 18 |
| 1 | צווישן 18 און 19 |
| 112 | צוזאַמען |

טאַבעלע II

צווישן די עלטער פון די פּאַציענטן אַלע פון זיי זיינען פון [illegible]

| | די עלטער פון די פּאַציענטן |
|---|---|
| 12 | פון 18 ביז 25 יאָהר |
| 34 | פון 26 ביז 30 יאָהר |
| 29 | פון 31 ביז 35 יאָהר |
| 21 | פון 36 ביז 40 יאָהר |
| 15 | פון 41 ביז 50 יאָהר |
| 1 | העכער פון 50 יאָהר |
| 112 | צוזאַמען |

טאַבעלע III

| | |
|---|---|
| 104 | צאָהל [illegible] פּאַציענטן |
| 8 | צאָהל פּריוואַט |
| 112 | צוזאַמען |

טאַבעלע IV

| | |
|---|---|
| 92 | פאַרהייראַטע |
| 20 | אונפאַרהייראַטע |
| 112 | צוזאַמען |

טאַבעלע V

לויט זייער באַשעפטיגונג [illegible] פּאַציענטן [illegible]

| | באַשעפטיגונג |
|---|---|
| 11 | אָפּערייטאָרס |
| 1 | בוטשערס |
| 1 | בוכבינדערס |
| 11 | דרעסמייקער |
| 5 | בעקערס |
| 3 | באַטאָן מאַכער |
| 6 | הויז אַרבעטער |
| 1 | הוט מאַכער |
| 3 | וועבערס |
| 2 | לעדער גוד. אַרבעטערס |
| 1 | מאַשינען מאַכער |
| 3 | מאַשיניסטן |
| 1 | [illegible] |
| 1 | [illegible] |
| 6 | מעטאַל אַרבעטערס |
| 3 | [illegible] |
| 1 | פּאַקערס |
| 1 | [illegible] |
| 8 | פּאַנטערס |
| 7 | פּיינטערס |
| 2 | פּרינטערס |
| 4 | קאַטערס |
| 3 | קאַנדיטאָרס |
| 5 | קלוקס |
| 2 | [illegible] |
| 18 | שניידערס |
| 1 | [illegible] אַרבעטער |
| 6 | פּרעסערס |
| 112 | צוזאַמען |

דער יעצטיגער אַסיסטענט דאָקטאָר, דר. בּארענבלאַט, טוט זיין אַרבייט אונטער דער אויפזיכט פון דר. אַנטאָנאָווסקי אויף אַ העכסט צופרידענשטעלענדען אופן.

## פאַרוויילונגען פאַר די פּאַציענטן

אין פאַרלויף פון יאָר זיינען אַראַנזשירט געוואָרן עטליכע קאָנצערטען און פאַרוויילונגען פאַר די פּאַציענטן.

דער ערשטער קאָנצערט איז געגעבען געוואָרען דעם 30־טען מאַי (דעקאָריישאָן דעי) פון דער פריערדיגער סאַניטאַריום קאָמיטע, לכבוד דער אינסטאַלירונג פון דער אַריינגעהענדער סאַניטאַריום קאָמיטע. אין דעם קאָנצערט האָבען זיך באַטייליגט באַקאַנטע קינסטלער, וועלכע זיינען ספּעציעל געקומען פון ניו־יאָרק, אויך גענאָסע אברהם ליעסין, וועלכער האָט פאָרגעלעזען איינינע פון זיינע דיכטונגען.

זונטאָג דעם 20־טען יוני איז אין סאַניטאַריום געגעבען געוואָרען אַ פרייער קאָנצערט פון דעם בּארימטען חזן יאָסעלע ראָזענבלאַט. זיין קאָנצערט האָט געמאַכט אַ רושם אין דעם גאַנצען געגענט אַרום ליבערטי. טויזענטער מענשען פון די אַרומיגע זומער־פּלעצער האָבען יענעם טאָג געשטראָמט צום סאַניטאַריום. און דער קאָנצערט, וועלכער האָט שטאַטגעפונען אונטער דעם פרייען הימעל, האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסער מוזיקאַלישער קאַרניוואַל.

אין דעם קאָנצערט האָט אויך אַנטייל גענומען דער באַוואוסטער אידישער אַרטיסט לעאָן בלאַנק, וועלכער האָט אויסגעפילט דעם ליטעראַרישען טייל פון פּראָגראַם.

עס איז אונז אויך געלונגען צו קריגען דעם בּארימטען אידישען פידעל־שפּילער ה' מישא עלמאַן פאַר אַ פרייען קאָנצערט, וועלכער איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אָנפאַנג פון מאָנאַט אויגוסט. אויך דער קאָנצערט איז געווען באַזוכט פון טויזענטער מ. ר. מיטגלידער און פריינד פון אידען, וועלכע געפינען זיך זומער־צייט אין די קעטסקיל־בערג.

דער גוט־באַקאַנטער רוסישער אָפּערא־זינגער, ה' יוסף ווינאַגראַדאָוו, האָט געגעבען אַ קאָנצערט אויסשליסליך פאַר די פּאַציענטן און אַ באַגרעניצטע צאָל געסט דעם 9־טען אַפּריל 1921. דער דאָזיגער קאָנצערט, אַבוואָל מער באַשרענקט פון זייטיגע באַזוכער, האָט אָבער דאָך אַרויסגערופען מער באַגייסטערונג, ווייל די פּאַציענטן האָבען געפילט, אַז דאָס איז אַ ספּעציעלע מוזיקאַלישע אונטערנעמונג, אַראַנזשירט ספּעציעל פאַר זיי אַליין.

גענאָסע א. ראָטמאַן, וועמען די עדיוק. קאָמ. האָט אַנגאַזשירט פאַר אַ לעקטשור־טור איבער׳ן לאַנד, איז אויף זיין וועג צוגעפאָרען אין סאַניטאַריום, וואו ער האָט געהאַלטען אַ פאָרטראַג פאַר די פּאַציענטן וועגען דער לאַגע פון די אידישע אַרבייטער אין אייראָפּא. די פּאַציענטן זיינען געווען העכסט צופרידען צו הערען אַ גרוס פון די אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס אויף יענער זייט ים.

אויסער די קאָנצערטען ווערען אויך געצייגט יעדען שבת אָוונט באַוועגליכע בילדער (מואַווינג פּיקטשורס) פאַר די פּאַציענטן, וועלכע ווערט צוגעשטעלט פריי פון דער זעלצניק פילם קאָמפּאַני.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער הערצליכסטען דאַנק צו אַלע פערזאָנען, וועלכע האָבען געהאָלפען, און וועלען וואַרשיינליך אין דער צוקונפט אויך ניט אָנטזאָגען זיך צו העלפען, מאַכען מונטערער און פריילעכער דעם צייטענווייז מאָנאָטאָנעם לעבען פון די פּאַציענטן.

## פייערונג פון סאַניטאַריום־טאָג

די פייערונג פון סאַניטאַריום־טאָג איז געוואָרען אַ טראַדיציע, ניט נאָר אין סאַניטאַריום, נאָר אויך אין פילע גרויסע שטעט צווישען די בּרענטשעס פון אַ. ר.

אין ניו־יאָרק איז דער סאַניטאַריום־טאָג געפייערט געוואָרען דורך אַ גרויסען קאָנצערט, זונטאָג דעם 20־טען פעברואַר, אין לעקסינגטאָן אָפּערא הויז, מיט יוסף ווינאַגראַדאָוו, דער בּארימטער רוסיש־אידישער באַריטאָן, און ב. נאַדעל, טשעליסט.

אויך אין פילע אַנדערע שטעט זיינען אין מאָנאַט פעברואַר דורכגעפירט געוואָרען סאַניטאַריום־פייערונגען, מיט מער אָדער ווייניגער ערפאָלג. די פּראָפיטען פון די דאָזיגע אונטערנעמונגען זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם רעליף־פאָנד, וואָס די נאצ. עקז. קאָמיטע זאַמעלט פאַר די מלחמה און פּאָגראָם קרבנות אויף יענער זייט ים.

אין סאַניטאַריום גופא איז דער 11־טער יאָרעספעסט פון סאַניטאַריום געפייערט געוואָרען דעם 5־טען און 6־טען פעברואַר, דורך אַ מוזיקאַליש־ליטעראַרישען אָוונט און באַנקעט. דער קאָנצערט איז געווען זעהר אַ רייכער און אין פּראָגראַם

פערגלייכונג פון טעגליכע אויסגאבען פער פאַמיליע
די יאָהרען 1918, 1919 און 1920

| | 1918 סומע | 1918 % | 1919 סומע | 1919 % | 1920 סומע | 1920 % | פער פאַמיליע 1918 | פער פאַמיליע 1919 | פער פאַמיליע 1920 | פראָצענט 1919 | פראָצענט 1920 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פערוואַלטונג | $10.80 | 4.5 | $17.84 | 6.8 | $19.65 | 6.5 | $.272 | $.388 | $.375 | 62.4 | 24.2 |
| נורזינג | 23.72 | 10.6 | 26.93 | 10.2 | 31.10 | 10.3 | .404 | .434 | .393 | 7.4 | 36.7 |
| היים אויפהאַלטונג | 27.70 | 12.4 | 30.30 | 11.5 | 52.50 | 17.3 | .471 | .489 | 1.003 | 38 | 105.2 |
| הויז און בילדינג אויפהאַלטונג | 34.90 | 15.7 | 42.69 | 18.1 | 61.70 | 20.4 | .593 | .367 | 1.170 | 29.3 | 52.4 |
| וועש אויפהאַלטונג | .33 | 0.1 | 3.01 | 1.1 | 2.50 | .8 | .006 | .048 | .048 | — | — |
| מעדיצינישע | 3.98 | 1.8 | 5.42 | 2.0 | 6.15 | 2.0 | .070 | .087 | .118 | 24.3 | 35.6 |
| אַדמיניסטראַציאָן | 4.28 | 1.9 | 4.52 | 1.7 | 5.05 | 1.7 | .070 | .063 | .096 | -10.0 | 52.4 |
| שפּייז | 118.30 | 53.0 | 128.08 | 48.5 | 122.70 | 41.0 | 2.02 | 2.066 | 2.342 | 2.3 | 13.4 |
| טאָטאַל | $223.31 | 100.0 | $263.79 | 100.0 | $301.35 | 100.0 | $3.79 | $4.242 | $5.751 | --- | --- |

פערגלייכונג פון די שפּייז אויסגאבען פאר די יאָהרען
1918, 1919 און 1920

| | אויסגאבען 1918 | אויסגאבען 1919 | אויסגאבען 1920 | טעגליכע אויסגאבען פער פאַמיליע 1918 | 1919 | 1920 | פראָצענט פערגרעסערונג איבער 1918 1919 | 1920 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ברויט | $2,172.34 | $2,317.61 | $3326.72 | $.301 | $.102 | $.123 | 1.0 | 20.0 |
| מילך, קרים און פּוטער | 14,466.10 | 11,627.45 | 11931.74 | .486 | .514 | .625 | 57.6 | 21.6 |
| אייער | 7,450.33 | 6,859.76 | 6431.75 | .346 | .303 | .363 | -18.4 | 19.9 |
| פלייש, פיש און העהנער | 8,683.24 | 7,449.26 | 5379.97 | .403 | .373 | .281 | 7.4 | 24.6 |
| גרינס | 4,966.86 | 5,932.44 | 6434.51 | .231 | .262 | .337 | 13.4 | 28.6 |
| פרוכט און גרינס | 6,489.75 | 6,988.25 | 7021.14 | .301 | .309 | .367 | 2.7 | 19.3 |
| גראָסעריס | 3010.32 | 4,230.39 | 4773.76 | .140 | .187 | .249 | 33.6 | 33.1 |
| פּעקלעך | 24.04 | 13.40 | 81.01 | — | — | .004 | — | — |
| עקסטרא פאר פאציענטען | — | 340.00 | — | — | .150 | — | — | — |
| טאָטאַל | $43,262.88 | $46,748.56 | $44,879.59 | $2.008 | $2.20 | $2.349 | --- | --- |

* [illegible]

| פּאַרטיקולאַרס | 1918 | 1919 | 1920 |
|---|---|---|---|
| סאַלאַריס | $1,995.21 | $3,747.33 | $3139.33 |
| | 293.72 | 456.31 | 674.95 |
| | 283.80 | 578.52 | 740.66 |
| | 175.99 | 264.37 | 245.63 |
| | 45.00 | 87.50 | 93.00 |
| | 425.82 | 806.50 | 1170.01 |
| | 568.83 | 572.19 | 762.24 |
| | — | 96.07 | 341.53 |
| טאָטאַל | $3,788.37 | $6,608.81 | $7167.35 |
| | $8068.06 | $9,828.07 | $11322.88 |
| היים אויפהאַלטונג | $4500.80 | $6336.84 | 11223.35 |
| קוילען | 3335.37 | 2,925.93 | 4679.82 |
| | 2276.40 | 1797.59 | 3276.37 |
| טאָטאַל | 10112.97 | 11,060.36 | $19179.54 |
| שפּייז | $43,262.88 | $46,748.56 | $44,879.59 |
| | $1,430.36 | $1,665.79 | $2235.52 |
| | 799.80 | 1,350.61 | 2591.29 |
| | 358.24 | 524.33 | 685.45 |
| | 4501.70 | 6,190.00 | 6261.29 |
| | 245.00 | 229.50 | 350.00 |
| טאָטאַל | $7,335.10 | 9960.23 | $12,113.55 |
| | 2,147.13 | 3039.21 | 2762.93 |
| | 1,451.39 | 2,939.89 | 4408.44 |
| | 1,810.16 | 1,371.03 | 3282.35 |
| גרויסע טאָטאַל | $12,743.79 | $17,310.36 | $22,566.67 |
| | 1076.48 | $1930.50 | 1632.29 |
| | 957.17 | 831.34 | 716.82 |
| דעפיציט | $119.27 | $1,099.16 | $915.47 |
| * | $1452.42 | $1,976.12 | $1690.86 |
| | 1522.41 | 1668.09 | 1838.87 |
| טאָטאַל | $81,119.16 | $96,299.53 | $109562.31 |

* [illegible]

צדקה פאַנד

| | 1920 | 1919 | 1918 | 1917 | 1916 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| $3286.70 | — | — | — | — | — | באַלאַנס ... 1921 |
| 665.97 | — | — | — | — | — | |
| | | | | | | אײַנקונפט |
| | $1195.72 | $1847.64 | $1484.83 | $1,777.46 | $352.00 | |
| | 242.52 | 136.34 | 276.05 | 125.22 | 70.34 | |
| | 4347.17 | 4784.38 | 6424.47 | 5,449.73 | 834.15 | |
| | 76.06 | — | 32.12 | — | 13.20 | |
| | 100.00 | 162.00 | 399.00 | 209.53 | 132.00 | |
| | 7977.64 | 4828.93 | — | — | — | |
| | 63.84 | 25.00 | | | | |
| | $14002.95 | $11784.24 | $8616.47 | $7562.00 | $1399.69 | טאָטאַל |
| | | | | | | אויסגאבען: |
| | $4805.22 | $7140.79 | $5901.77 | $6121.27 | $546.07 | |
| | 6539.91 | 3883.68 | 2956.70 | 1,215.59 | 550.19 | |
| | 2000.00 | 1000.00 | 2764.50 | — | — | |
| | — | 40.55 | — | — | — | |
| | 13345.13 | $12066.02 | $14622.97 | $7336.86 | $1,096.26 | טאָטאַל |
| | 657.82 | — | — | 225.14 | 303.43 | דעפיציט |
| | — | 280.73 | $6006.50 | — | — | פּראָפיט |
| 3952.67 | $14002.95 | $11,784.23 | $8616.47 | $7562.00 | $1,399.69 | טאָטאַל |

טעגליכע פאציענטען

| 1920 | 1919 | 1918 |
|---|---|---|
| 52.25 | 62.0 | 59.5 |

האָבען זיך באַטייליגט די נייע אייראָפּעאישע שוישפּילער, מאַדאַם זינאַ גאָלדשטיין און ה. מיכאַלעסקאָ, דער באַוואוסטער הומאָריסט ב. קאָוונער (וועלכער איז כמעט אַ שטענדיגער גאַסט ביי אַלע קאָנצערטען און פאַרוויילונגען אין סאַניטאַריום), דער יונזער שוישפּילער מ. אַסטאָר, ה. אַנטאָן סיוואָרו פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז, וועלכער איז אַגב אַ מיטגליד אין אַ. ר.

באַגריסונגס־רעדען זיינען צו דער געלעגענהייט געהאַלטען געוואָרען פון דר. האַלפּערן, י. באַסקין, י. ישורין, דר. אַנטאָנאָווסקי, ר. גוסקין, ל. בעצאַהלער, א. דינערשטיין, מ. וואָלבערג, י. אַלפּערט, און פון איינינגע פּאַציענטען.

דער קאָנצערט ווי אויך דער באַנקעט זיינען געווען אַן אמת'ער יום־טוב פאַר אַלע פּאַציענטען און געסט.

## פאַרשידענע אויסבעסערונגען

די אומאויפהערליכע אויסבעסערונגען, וואָס ווערען יאָר־איין יאָר־אויס געמאַכט אין סאַניטאַריום, האָבען שטופּענווייז אויפגעהויבען דעם אַנשטאַלט — סיי אין זיין אויסערליכען אויסזעהן און סיי אין זיין אינערליכען נוצליכען ווערט — צו אַזאַ מדרגה, מיט וועלכע די מיטגלידער פון אונזער גרויסען אָרדען מעגען זיך ווירקליך פילען שטאָלץ.

ס'איז אמת, אז דער סאַניטאַריום איז נאָך ניט פאָלשטענדיג איינגעאָרדענט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ אינסטיטוציע. מ'דאַרף אָבער ניט פאַרגעסען, אז אונזער סאַניטאַריום איז ניט געבויט געוואָרען מיט אַמאָל, נאָר ביסלעכווייז. און ווען די גרינדער פון סאַניטאַריום וואָלטען אין זייער צייט געהאַט פאַר זיך די גאַנצע סומע געלט, וואָס דער סאַניטאַריום האָט שוין ביז יעצט אָפּגעקאָסט, וואָלט דער סאַניטאַריום מיט אַמאָל אָוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ גאַנץ אַנדערער שטופע.

סטיטוציע, באַשטעהט אין דעם, וואָס אַ דאַנק דער שטופּענווייזער אַנטוויקלונג פון דעם אַנשטאַלט האָבען זיך אין די רייען פון אַ. ר. אויסגעאַרבייט פאַרוואַלטער פון מענשען, וועלכע האָבען פריער ניט געהאַט קיין אַהנונג ווי אַזאַ גרויס געשעפט קאָן און דאַרף געפירט ווערען.

דעם יאָר זיינען די אויסבעסערונגען פיליייכט ניט קיין גרויסע, וואָס זאָלען זיך וואַרפען גלייך אין אויג, אָבער דערפאַר זיינען זיי נוצליכע און פּראַקטישע. אַזוי, צום ביישפּיל, איז אויסגעבעסערט געוואָרען דער באַהייצונגס־סיסטעם: עס איז אַריינגעשטעלט אַ נייער באָילער אין דער אַדמיניסטראַציאָנס געביידע; דער פּאָרטש פון דער זעלבער בילדינג איז איבערגעמאַכט געוואָרען; ס'זיינען דאָרט אַריינגעשטעלט געוואָרען סטים רעדיאַייטאָרס, וואָס מאַכען מעגליך, אז דער פּאָרטש זאָל קענען גענוצט ווערען אַלס צימער אַפילו ווינטער; די וואַסער־לייטונג בכלל איז אויסגעבעסערט געוואָרען; עס איז איינגעפירט אַ ספּעציעלער אַפּאַראַט, וואָס צייגט אַלע מאָל אָן וויפיל וואַסער עס געפינט זיך אין דעם הויפּט רעזערוואואַר; ס'איז אויך איינגעפירט געוואָרען אַ סיסטעם צו קענען ציען וואַסער פון „לייק" פאַר דער לאָונדרי אין אַ דרינגענדען פאַל און ניט דאַרפען נוצען דאָס וואַסער, וואָס ווערט געברויכט צום טרינקען; אין האָספּיטאַל זיינען געמאַכט געוואָרען נייע קליידער־אַלמערס (לאָקערס), אום עס זאָל זיין באַקוועם פאַר די פרויען־פּאַציענטען, וועלכע געפינען זיך געוויינטליך אין האָספּיטאַל; אין דער פערטער „לענטו" ווערען די לאָקערס איבערגעטראָגען אויף אַן אַנדער זייט, אום צו שאַפען מער באַקוועמליכקייט פאַר די פּאַציענטען; די ביבליאָטעק ווערט איבערגעטראָגען אין דער ערשטער לענטו, אַזוי אז עס זאָל זיין לייכט פאַר די פּאַציענטען צו קריגען ביכער, ווען זיי ווילען האָבען

אין פֿאַרלויף פֿון יאָר 1920 זײַנען פֿון סאַנאַטאָריום אַרויסגעשריבן געוואָרן 102 פּאַציענטן*

די פֿאָלגנדע טאַבעלע ווײַזט דעם צושטאַנד פֿון די פּאַציענטן בײַם אַרײַנקומען און בײַם פֿאַרלאָזן דעם סאַנאַטאָריום

| בײַם אַרײַנקומען אין סאַנאַטאָריום: צושטאַנד פֿון קראַנקהייט | אַנטוויקלונג פֿון דער קראַנקהייט | | בײַם פֿאַרלאָזן דעם סאַנאַטאָריום | |
|---|---|---|---|---|
| אָנהייבנדיק (ערשטע סטאַדיע) | לײַכט | 26 | קראַנקהייט אָפּגעשטעלט | 39 |
| | אויסגעשפּרייט | 32 | פֿאַרבעסערט | 1 |
| | זייער ווײַט | 1 | ניט פֿאַרענדערט | 1 |
| | | | ניט טובערקולאָז | 2 |
| | | | אַ סך בעסער | 15 |
| | | | פֿאַרערגערט | 1 |
| | סך־הכל | (57.8%) 59 | סך־הכל | 59 |
| מיטל אַנטוויקלט | לײַכט | 30 | קראַנקהייט אָפּגעשטעלט | 20 |
| | אויסגעשפּרייט | 5 | פֿאַרבעסערט | 4 |
| | זייער ווײַט | 5 | ניט פֿאַרענדערט | 2 |
| | | | אַ סך בעסער | 13 |
| | | | ערגער | 1 |
| | סך־הכל | (39.2%) 40 | סך־הכל | 40 |
| אַנטוויקלט (3טע סטאַדיע) | לײַכט | 2 | אַ סך בעסער | 2 |
| | זייער ווײַט | 1 | ערגער | 1 |
| | סך־הכל | (3%) 3 | סך־הכל | 3 |

* אין די 102 פּאַציענטן איז ניט אַרײַנגערעכנט די [illegible] וואָס זײַנען געווען [illegible] אין סאַנאַטאָריום.

ווי עס פירט זיך געוויינטליך אין יעדער דעמאָקראַטישער אינסטיטוציע, בפרט אין אַ. ר., געהט די פאַרוואַלטונג איבער פון צייט צו צייט אין אַנדערע הענט. און ס'איז נאַטירליך, אז ווען אַ גרויסע אונטערנעמונג — אַזאַ ווי אונזער סאַניטאַריום — ווערט געפירט פון פאַרשידענע מענשען מיט פאַרשידענע מיינונגען, דערצו נאָך ניט קיין פאַך־לייט, זאָלען אויסגעלאָזען ווערען מאַנכע זאַכען, וועלכע אַ פריערגע פאַרוואַלטונג האָט אין זינען געהאַט דורכצופירען. מיר מיינען ניט דערמיט צו באַשולדיגען אירגענד וועלכע פון די פריערדיגע קאָמיטעס, אָדער אונזער קאָמיטע צו פאַרענטפערן פאַר אירגענד וועלכע טעות'ן. מיר קאָנסטאַטירען בלויז דעם פאַקט ווי ער איז. אָבער מיט אַלע טעות'ן, וואָס זיינען אין פאַרלויף פון דעם סאַניטאַריומס עקזיסטענץ געמאַכט געוואָרען, האָבען מיר דאָך געשאַפען עטוואָס גראַנדיעזעס, וואָס איז אַ מוסטער פון דעם אַרבייטערס שאַפונג אויף דעם געביט פון קאָאָפּעראַטיווע יסודות. דער פאַרדינסט אָבער דערפון, וואָס דער סאַניטאַריום איז ניט אָוועקגעשטעלט געוואָרען ווי אַ מיליאָנערסקע פילאַנטראָפּישע איני־

גייסטיגע שפּייז; פאַר דער ביבליאָטעק זיינען דעם יאָר נײַגעקויפט געוואָרען פאַר עטליכע הונדערט דאָלאַר ביכער, אַזוי אז ס'איז יעצט דאָ אין דער ביבליאָטעק כמעט אַלע בעסטע זאַכען, וואָס זיינען די לעצטע עטליכע יאָר ערשינען אין אידיש. דער פאַרוואַלטונגס־ראַט פון „פאָרווערטס" האָט פּרעזענטירט אונזער ביבליאָטעק מיט איינציגע עקזעמפּלאַרען פון אַלע זייערע ביכער־אויסגאַבען.

דער האָספּיטאַל איז איבערגעפאַרבט געוואָרען פון אויסענווייניג, אויך זיינען טיילווייז אינווייניג איבערגעפאַרבט געוואָרען די אַדמיניסטראַציאָנס געביידע, דער האָספּיטאַל, לענטוס א. ד. ג. עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרען אַ גאַנצע רייע קלענערע אויסבעסערונגען, וועלכע וואָלטען פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען זיי אין דעם רעפּאָרט.

## מעדיקאַל אַדווייזערי באָרד

אונזער מעדיקאַל אַדווייזערי באָרד באַשטעהט פון פאָלגענדע באַקאַנטע דאָקטוירים: דר. ראָס, טשערמאַן; דר.

האַלפּערן, סעקרעטער; דר. מ. פרידמאַן, דר. ראָזענטאַל, דר. ס. פּעסקין און דר. מעק־סוויני.

די מעדיקאַל אַדווייזערי באָרד האָט דעם יאָר באַזוכט דעם סאַניטאַריום אין מאָנאַט יאַנואַר און האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז די מעדיצינישע און סאַניטאַרע זייט פון סאַניטאַריום איז אויסגעשטעלט געוואָרען אויף אַ געזונטען באַזיס.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער אַנערקענונג צו דר. י. האַלפּערן, אונז רעזידענטינג און וויזיטינג דאָקטאָר, וועמעס איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון סאַניטאַריום איז אומשעצבאַר. דר. האַלפּערן באַציט זיך אַלע מאָל מיט דער גרעסטער ענסטקייט צו זיינע אויפגאַבען אַלס אַדמיטינג דאָקטאָר, און האָט שטענדיג אין זינען דעם וואוילזיין פון די פּאַציענטען אין סאַניטאַריום.

## פאַרם און טשיקען רענטש

ווי אין די פריערינגע יאָרען, אַזוי איז אויך לעצטען יאָר געשאָנקען געוואָרען אויפמערקזאַמקייט צו דער פאַרם, און באַזונדערס צו דער טשיקען־רענטש.

דער הויפּט צוועק סיי פון טשיקען־רענטש און סיי פון פאַרם איז צו האָבען פרישע פּראָדוקטען פאַר דעם געברויך אין סאַניטאַריום און ניט צו מאַכען פּראָפיטען.

דעם יאָר איז פון טשיקען־רענטש גענומען געוואָרען כּמעט די גאַנצע פּאָולטרי, וואָס איז געברויכט געוואָרען אין סאַניטאַריום, און דערפאַר איז אויסגעקומען צו קויפען מער אייער ווי עס איז פּראָפּאָרציאָנעל געקויפט געוואָרען אין די פריערינגע יאָרען. דאָס איז געטאָן געוואָרען דערפאַר, ווייל מיט דעם געברויך פון טשיקענס פון אייגענעם רענטש האָט מען פאַרהעלטניסמעסיג געקענט שפּאָרען מער ווי דורך האַלטען די טשיקענס פאַר דער פּראָדוקציע פון אייער. מיר האָבען דעם יאָר פאַרברויכט פּראָדוקטען פון פאַרם אויף אַ סומע פון קנאַפּע פינף הונדערט דאָלאַר, אין פאַרגלייך מיט 134 דאָלאַר פון לעצטען יאָר.

אָבוואָל מיר קוקען אויף דער טשיקען־רענטש און אויף דער פאַרם ווי אויף מיטלען, וואָס שטעלען צו פרישע פּראָדוקטען פאַר די פּאַציענטען, דאָך זיינען די דאָזיגע אונטערנעמונגען געפירט געוואָרען אויף אַ געשעפטסמעסיגען אופן. כאָטש די פאַרם און די טשיקען־רענטש האָבען קליינע דעפיציטען, דאָך דאַרפען ביידע ווייטער אָנגעהאַלטען ווערען צוליב דער ניצליכקייט פון זייערע פּראָדוקטען פאַר'ן סאַניטאַריום.

## שלום־וואָרט

מיר האָבען אין דעם רעפּאָרט זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף די מער וויכטיגע טיילען פון דעם יאָר אַרבייט. עס וואָלט געווען אוממעגליך זיך אָפּצושטעלען אויף אַלע איינצעלהייטען, מיט וועלכע די סאַניטאַריום קאָמיטע איז דעם גאַנצען יאָר געווען באַשעפטיגט. עס איז כדאי אָנצודייטען, אַז גראָד קלענערע, מאַנכעס מאָל אומבאַמערקבאַרע אויסבעסערונגען, זיינען אָפט מאָל שווערער דורכצופירען ווי אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען. אויף אָט די קליינע אויסבעסערונגען, וואָס זיינען פריער דערמאָנט געוואָרען, האָבען ביי אונז אָפּגענומען אַ היבשע טייל פון אונזער פרייער צייט, וועלכע מיר האָבען מיט ליבע אָפּגעגעבען פאַר אונזער שיינער אינסטיטוציע.

וואָס אַנבאַלאַנגט די באַציהונגען צווישען די פּאַציענטען און דער פאַרוואַלטונג, קענען מיר מיט אַ געפיל פון העכסטער צופרידענהייט זאָגען, אַז דעם יאָר האָט אין סאַניטאַריום געהערשט אַן אמת ברידערליכע און פריינדליכע שטימונג. מיר ווילען ניט זיין צופיל באַשיידען צו מאַכען זיך און אַנדערע גלויבען, אַז דער דאָזיגער האַרמאָנישער גייסט איז אין גאַנצען צו פאַרדאַנקען דער יעצטיגער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום. מיר גלויבען, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער לאַנג־יעריגער אַגיטאַציע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרען פון אַלע פריערינגע פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס דורך באַשלוסען פון קאָנווענשאָנס, אַז די פּאַציענטען זאָלען באַטראַכטען דעם סאַניטאַריום ניט נאָר אַלס אַן אייגענע היים, נאָר הויפּטזעכליך אַלס אַ קוראָרט, וואוהין זיי קומען צו פאַרבעסערן זייער געזונדסצושטאַנד, כדי שפּעטער ווידער צו זיין אימשטאַנד צו קענען קעמפען מיט די שווערע אומשטענדען פונ'ם אַלטעגליכען לעבען. די דאָזיגע לאַנג־יעריגע אַגיטאַציע האָט זיך איינגעוואָרצעלט אין די מוחות פון אונזערע מיטגלידער, וועלכע זיינען ניט גלייכגילטיג צו די אינטערעסען פון אָרדען. און די פּאַציענטען, וואָס זיינען געווען אין סאַניטאַריום אין פאַרלויף פון אונזער אַדמיניסטראַציע, האָבען באַגריפען זייערע אויפגאַבען אַלס אַ. ר. מיטגלידער און איבערצייגט, אַז די באַציהונגען צווישען זיי, דער פאַרוואַלטונג און די אָנגעשטעלטע קענען זיין העכסט פריינדליכע און האַרמאָנישע, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס קליינע מיספאַרשטענדניסען זיינען נאַטירליך אין דעם צוזאַמענלעבען פון אַזאַ גרויסער משפּחה.

מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער הערצליכען דאַנק צו אַלע מיטגלידער פון דער נאַצ. עקז. קאָמ., וועלכע האָבען ביי יעדער געלעגענהייט אונז געגעבען זייער פריינדליכע שטיצע צו מאַכען מעגליך דורכצופירען ערפאָלגרייך אונזער אַרבייט.

מיט דעם געפיל פון שטאָלץ צו אונזער אינסטיטוציע בכלל און צו דעם אמת'ן אַ. ר. גייסט, וואָס הערשט יעצט אין אַלע ווינקעלעך פון אונזער סאַניטאַריום, שליסען מיר אונזער רעפּאָרט פאַר דעם יאָר טעטיגקייט און באַגריסען די דעלעגאַטען צו דער 21־טער יערליכער קאָנווענשאָן. מיר האָפען, אַז אויך די קומענדע פאַרוואַלטונג וועט ביישטייערן איר חלק צו פאַרשענערן און אויסבעסערן דעם אַנשטאַלט, און פירען אויף דעם וועג פון פּראָגרעס, אויף וועלכען עס געהט דער גאַנצער אַ. ר.

# באַריכט פון דעם מעדיקאַל דירעקטאָר

צו דער מעדיקאַל אַדווייזערי באָאַרד פון אַרבייטער־רינג סאַניטאַריום.

ווערטע פריינד:

מיט גרויס פאַרגעניגען גיב איך אָפּ דעם באַריכט נאָך אַ יאָר פון פאָלשטענדיגען פרידען און פולער האַרמאָניע אין יעדער אָפּטיילונג פון סאַניטאַריום.

איך פאָלג נאָך דעם אַלטען מנהג אָפּצוגעבען מיין באַריכט, וועלכער איז באַגרינדעט אויף די ציפערן, וואָס זיינען געזאַמעלט געוואָרען אין פאַרלויף פון דעם יאָר, ביז דעם 31־טען דעצעמבער 1920. די ציפערן ווערען דאָ אָנגעגעבען.

דער סך־הכל פון קייסעס, אויף וועלכע דער אַנאַליז איז באַגרינדעט:

| | |
|---|---|
| יאַנואַר 1920 — — — — — — — | 42 |
| צאָל פּאַציענטען אָנגענומען דורכ'ן יאָר — — | 156 |
| סך־הכל — — — — — | 198 |
| צאָל פּאַציענטען אויסגעשריבען דורכ'ן יאָר — | 143 |
| פּאַציענטען פאַרבליבען אין סאַנטאַריום דעם 31־טען דעצעמבער 1920 — — — — | 55 |

פון די 143 אויסגעשריבענע ווערען 3 ניט גענומען אין אַנבאַטראַכט. די איבעריגע 140 פּאַציענטען זיינען אויסגעשריבען געוואָרען אין פאָלגענדען צושטאַנד:

| | |
|---|---|
| קראַנקהייט אָפּגעשטעלט — — — — — — — | 80 |
| אין גאַנצען אויסגעהיילט — — — — — — — | 36 |
| אין אַ פאַרבעסערטען צושטאַנד — — — — — — | 15 |
| ניט פאַרבעסערט — — — — — — — — — | 7 |
| געשטאָרבען — — — — — — — — — — — | 2 |
| סך־הכל — — — — | 140 |

צאָל טעג פאַר אַ פּאַציענט דורכשניטליך אין סאַניטאַריום 127.7

געווינס אין געוויכט פאַר אַ פּאַציענט דורכשניטליך 11.5 פונט.

נ. ב. די 3 קייסעס זיינען ניט גענומען געוואָרען אין אַנבאַטראַכט, ווייל זיי האָבען פאַרבראַכט אין סאַניטאַריום אַ גאַנץ קורצע צייט. איינער פון די 3 האָט זיך אַרויסגעוויזען ניט קיין טובּוירקולאַר.

די ציפערן רעדען פאַר זיך אַליין און זאָגען עדות וועגען הומאַניטאַרער און לעבענס־רעטענדער אַרבייט, מיט וועלכער דער אַ. ר. סאַניטאַריום מעג זיין שטאָלץ. נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט די צאָל קראַנקע, וועלכע זיינען צוריקגעקערט גע־

וואָרען צו ניצליכער אַרבייט און נעמענדיג אויך אין אַנבאַטראַכט די ראָלע, וואָס דער סאַניטאַריום האָט געשפּילט אין ברענגען גליק און פרייד אין די היימען און אין די הערצער, וועלכע זיינען געוועזן דורכגעדרונגען מיט אומעט און ליידען, פיל איך, אז די רעזולטאַטען, וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרען, זיינען ווערט געוועזן די געלט וואָס איז אויסגעגעבען געוואָרען.

דער טאָג־טעגליכער לעבען פון די פּאַציענטען איז אַרומגערינגעלט פון אַ היימישער אַטמאָספערע און דערפאַר פילען זיי זיך אין סאַניטאַריום אַזוי באַקוועם, טראָץ דער דיסציפּלין, וואָס איז נויטווענדיג פאַר דער ערפאָלגרייכער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום. די גוטע רעזולטאַטען, וואָס זיינען דאָ באַריכטעט געוואָרען, זיינען צו פאַרדאַנקען דער פּינקטליכקייט, מיט וועלכע מען גיט אַכטונג אויפ'ן עסען און אויף דעם לעבען פון די פּאַציענטען בכלל.

די פּאַציענטען באַקומען אַ סיסטעמאַטישע און אינדיווידועלע אויפזיכט דורך טעגליכע „ראַונדס" אין דער פרי און אין אָווענט. עס זיינען אויך באַשטימט געוואָרען ספּעציעלע שטונדען, אין וועלכע פּאַציענטען קענען זיך באַראַטען מיט דעם דאָקטאָר וועלען אַלץ, וואָס איז שייך צו זייער געזונט. דריי מאָל א וואָך האָבען מיר קליניקס פאַר נאָז און האַלז קראַנקהייטען און איין מאָל אַ מאָנאַט גיבען מיר יעדען פּאַציענט אַ פאָלשטענדיגע האַרץ־עקזאַמיניישאָן. עס ווערען דערביי אָנגעווענדט די מאָדערנסטע מעדיצינישע מעטאָדען, נעמליך: גוטע עסען, פרישע לופט ביי טאָג און ביי נאַכט, רעגולירטע רוה און איבונג און עקס־רעי טריטמענט. בלוט־טעסטס זיינען געמאַכט געוואָרען פון יעדען פּאַציענט. די טעסטס זיינען אַ נייעס אין סאַניטאַריום. אורין און „ספּיוטום" עקזאַמיניישאָנס ווערען געמאַכט רעגעלמעסיג קויט די לעצטע מעטאָדען.

דר. האַלפּערן, דער וויזיטינג דאָקטאָר, באַזוכט דעם סאַניטאַריום יעדען מאָנאַט און ער עקזאַמינירט אַלע פּאַציענטען, וועלכע דאַרפען אויסגעשריבען ווערען, אַזוי גוט ווי אַלע צווייפעלהאַפטע קייסעס און אויך קאָמפּליצירטע קייסעס, וועלכע פאָדערן ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. ער איז אויך דער ראַטגעבער איבער אַלע מעדיצינישע פראַגען, וואָס זיינען שייך צום סאַניטאַריום. דר. ס. אינגערמאַן, דער האַלז און נאָז ספּעציאַליסט, קומט אין סאַניטאַריום פון צייט צו צייט צו אַטענדען קראַנקע, וועלכע האָבען טראָבעל מיט'ן נאָז אָדער האַלז.

אַזוי שנעל ווי דער וועטער וועט דערלויבען, וועלען מיר אָנפאַנגען געבען די פּאַציענטען זון־ און לופט־בעדער אונטער דער אויפזיכט פון דר. בארענבלאַט און פון מיר אַליין. דער סאַניטאַריום איז דער איינציגער פּלאַץ אין אַמעריקא, וואו אַזעלכע בעדער ווערען געגעבען. עס ווערען אויך געמאַכט פּלענער איינצופירען „אָקיופּיישאָנאַל טהעראַפּי", וועלכע וועט באַזייטיגען אין אַ גרויסער מאָס די לאַנגווייליגקייט פון אַ סאַניטאַריום לעבען. די פּאַציענטען וועלען אנגענעמער פאַרווייל͏ען די צייט און דאָס וועט אויך פאַרשטאַרקען זייער מאָראַל.

עס איז ווערט צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם דעפּאַרטמענט פאַר אויטסיידיגע פּאַציענטען. דאָס איז דער איינציגער קליניק פון דעם אין סאָליוואַן קאַונטי און ער שטעלט צופרידען די דרינגענדע באַדערפעניש פון די מיטגלידער, וועלכע זיינען ניט אין סאַניטאַריום, אָבער וועלכע קומען צו אונז פאַר מעדיצינישען ראַט.

די מענערזשמענט פאַרשטעהט גאַנץ גוט, אַז די גרעסטע אָנשטרענגונג אין דער ריכטונג פון עקאָנאָמיע און ניצליכקייט איז נויטווענדיג און ווינשענסווערט. אַלע קרעפטען זיינען דערפאַר אָנגעווענדט געוואָרען, אַז קיין זאַך זאָל ניט געהן פאַרלאָרען. איינ͏יגע ענדערונגען זיינען געמאַכט געוואָרען מיט גוטע רעזולטאַטען, אָבער צו דער זעלבער צייט האָט מען אַכטונג געגעבען, אַז קיין פאַלשע עקאָנאָמיע זאָל ניט געמאַכט ווערען. דער הויכער סטענדאַרד פון דינסט מוז אויפגעהאַלטען ווערען.

אַ גוט וואָרט מוז מען זאָגען פאַר די מענער און פרויען, וועלכע זיינען געצוואונגען צו פאַרלאָזען זייערע היימען, זייערע פריינד און די, וואָס זיינען זיי נאָענט און טייער, מיט זייער גאַנצער האָפענונג קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ — אויף דעם סאַניטאַריום. זיי זיינען לאָיאַל, געהאָרכזאַם און באַהילפיג. דער צוטרוי, וואָס זיי ווייזען אַרויס, רופט אַרויס באַגייסטערונג פאַר אַ גרעסערער אָנשטרענגונג פאַר דעם וואוילזיין פון די, וואָס זיינען אונז אָנפאַרטרויט געוואָרען.

איך בין טיף גערירט פון דער האַרציגער איבערגעבענהייט און שטענדיגער באַמיהונג אין די אינטערעסען פון סאַניטאַריום און די פּאַציענטען פון דעם וויזיטינג דאָקטאָר, רשזוליוס האַלפּערן. איך קאָן בלויז זאָגען, אַז איך האָב ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען מיין דאַנק און אָפּשעצונג צו אים.

די סאַניטאַריום קאָמיטע באַשטעהט פון אַ גרופּע גוטהערציגע און ערנסטע מענשען, וועלכע זיינען גרייט צו אָפּפערען זיך פאַר'ן אַנשטאַלט און אָן וועלכער די לאַסט פון פאַרוואַלטונג וואָלט געווען צו שווער. זיי זיינען די זיילען פון דער אינסטיטוציע. אַכטונג און דאַנקבאַרקייט פאַר זייער אימער ניצליכער הילף.

מיין דאַנק אויך צו אַלע אָנגעשטעלטע פאַר זייער שטענדיגער מיטווירקונג, פאַר זייער געדולד אין אויספירען זייערע פליכטען.

פיל אַכטונג פאַר מיין פעהיגען אַסיסטענט דר. הענרי בארענבלאַט. ער איז אימער גרייט צו אָפּפערען זיין צייט און באַקוועמליכקייט. ער איז אַן אוצר פאַר אונזער אַנשטאַלט.

צולעצט וויל איך אויסדריקען מיין טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דער איבערגעבענהייט, וועלכע מיין פריינד און קאָלעגע דר. איידאַ אַנטאָנאָווסקי ווייזט אַרויס. אירע אויפגאַבען זיינען פיל און פאַרשידענאַרטיג, וועלכע זי האָט פרייוויליג אונטערנומען און ריכטיג ערפילט. זי איבט אויס אַ גוואַלדיגען איינפלוס אויף דעם גייסטיגען לעבען פון די פּאַציענטען און די אָנגעשטעלטע און זי האָט פיל פאַרגרינגערט די שווערע אויפגאַבע פון מיין פאַראַנטוואָרטליכקייט.

אַכטונגספול איבערגעבען, דר. ב. ס. אַנטאָנאָווסקי,
מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט.

## אָפּיס סטעף




ערשטע רייע, זיצענדיג פון רעכטס צו לינקס: ג. רובין, דזש. עפּשטיין, דזשעני סאמועלסאָן, י. באסקין, פ. געליעבטער, מיִעי ביבער, ה. גראף. צווייטע רייע: י. גינזבערג, ביטרעס האָראָוויץ, ראָוז קופּערמאַן, ראָוז דזשאָעלסאָן, מארטהא אייזען, י. ביילין, ל. גינזבערג, ה. זאק. דריטע רייע: ה. באָרדמען, מ. טובעלסקי, מ. וואהלבערג, י. קושנער, נ. ראָטמאַן, א. העלמאן, ס. מעק, דזש. שאטין, א. עווענס.

# באריכט פון דער עדוקיישאָנאַל קאָמיטע

נ. פיינערמאַן, טשערמאַן    מ. באַרענשטיין, ווייס־טשערמאַן
מ. גורעוויטש, א. ש. זאַקס און א. ליעסין

מיר האָבען גענומען פאַרטזעצען די פאַרשידענע ארבייטען וואָס די עדוק. קאָמ. פון לעצטען יאָר האָט אונטערנומען, אָבער, עס פאַרשטעהט זיך, מיר האָבען אויך איבערגענומען אַ גרויסען דעפיציט פון ארום 1,700 דאָלאַר. מעגליך, אַז דאָס האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דעם ווייטערדיגען גאַנג פון אונזער ארבייט, וועלכע איז דאָס יאָר אויסגעוואַקסען צו אַזאַ קאָלאָסאַלער גרויס, פון וועלכער מיר האָבען מיט אַ קורצער צייט נאָך אין אַ. ר. נישט געחלום'ט. אויסער דעם, וואָס די פריהערדיגע אָפּטיילונגען פון אונזער עדוקיישאָנאַל ארבייט האָבען זיך פאַרגרעסערט און פאַרטיפט, זיינען נאָך צוגעקומען נייע אָפּטיילונגען וואָס האָבען געפאָדערט אַ מאַסע ארבייט, אַ מאַסע ענערגיע. מיר ווייסען, אַז נישט אַלעס האָבען מיר געטאָן ווי עס דאַרף צו זיין, אָבער דער באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבען אויפגעעפענט נייע פענסטער, און ווייטע פערספּעקטיווען פאַר בילדונגס און ערציהונגס־ארבייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסען פאַרצווייגטען אָרדען, האָט אונז געגעבען פרישע כוחות אונטערצונעמען די אַלע ארבייטען.

## 1) פאַרלאַג טעטיגקייט

מיר האָבען ענדליך ארויסגעגעבען די גרויסע 7 ביכער, וואָס עס איז געפּלאַנט געוואָרען לעצטען יאָר. די אויסגאַבע, ווי מיר רופען איר אָן, פון 1920, איז גלייך אין איר וואָלום, אין די צאָל געדרוקטע זייטען צו אַלע אויסגאַבען פון אַ. ר. פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין פאַרלאַגערישער טעטיגקייט. מיר האָבען אויך אונטערגענומען און באַשטעלט אַ גאַנצע רייע נייע אויסגאַבען, וואָס וועלען דאַרפען ערשיינען אין די קומענדיגע יאָרען. מיר האָבען צו דעם צוועק פאַררופען אַ באַראַטונג מיט די וויכטיגסטע אידישע שרייבער און קולטור־טוער וואָס מיר האָבען אין אמעריקאַ; און עס זיינען אָנגעצייגט געוואָרען וויכטיגע פּלענער פון ארבייט. די ביכער וואָס מיר האָבען באַשטעלט פאַר'ן קומענדיגען יאָר זיינען: „אוקראַינער פּאָגראָמען", פון פּראָפ. א. חפץ, „ביאָלאָגיע", פון א. ש. זאַקס, „אַנטאָלאָגיע פון רעוואָלוציאָנערע לידער", פון ש. ניגער, „באַרימטע פרויען", פון דר. א. לוריע, דריטער באַנד „געאָמעטריע", פון דר. אב. קאַספּע, פערטער באַנד „פיזיאָלאָגיע", פון דר. י. א. מעריסאָן, און „פילאָזאָפיע", פון דר. ח. זשיטלאָווסקי.

אונזער פאַרשפּרייטונג פון ביכער איז אָבער נים געוואָרען באַגרעניצט נאָר צו אונזערע אייגענע אויסגאַבען. מיר האָבען אויך פאַרשפּרייט אַ גאַנצע רייע ביכער, וואָס זיינען אונז אָנגעקומען פון ווילנאַ, ווי אויך דער לערער־זשורנאַל, וואָס ווערט ארויסגעגעבען דורך דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע פון פּוילען און ליטאָ. דער קינדער־זשורנאַל „גרינינקע בוימעלעך", דער „חבר" א. ז. וו. מיר האָבען אויך אויפגענומען אַ גרויסען חוב, וואָס מיר האָבען געהאַט אין פאַרבינדונג מיט אונזער פאַרלאַגס־ארבייט אין די פריערדיגע יאָרען.

## 2) פריינד

טראָץ דעם, וואָס דער פאַרגעשלאָגענער, פאַרגרעסערטער טעקס איז דורכגעפאַלען ביים רעפערענדום און דער „פריינד" האָט זיך געפונען אין אַ זעהר שווערער פינאַנציעלער לאַגע, האָבען מיר דאָך ארויסגעגעבען 8 נומערן „פריינד", עטליכע פון זיי טאָפּעלטע, מיט אַ פיל פאַרגרעסערטען אינהאַלט. מיר האָבען זיך באַמיט צוצוציען נייע וויכטיגע שרייבער און פאַרבעסערן אונזער אָרגאַן אין פאַרשידענע הינזיכטען. מיר ווייסען, אַז ס'איז דאָ נאָך זעהר פיל וואָס צו פאַרפאָלקאָמען. דאָס איז ווייט נאָך ניט דער זשורנאַל, וואָס דער ארבייטער־רינג האָט זיך געקענט פאַרגינען צו האָבען. לויט די פינאַנציעלע אומשטענדען אָבער און לויט דער באַגרעניצטער צאָל זייטען, וואָס מיר קענען געבען, גלויבען מיר, אַז מיר האָבען געגעבען אַן אינטערעסאַנטען און לעזבאַרען זשורנאַל. די פינאַנציעלע שוועריגקייטען פון „פריינד" האָבען זיך אויך אָפּגערופען אויף דער עקספּעדיציע. מיט ווייניג מאַטעריעלע מיטלען האָבען מיר ניט געקענט אָנהאַלטען דעם סטעף אין דער עקספּעדיציע, וואָס עס איז נייטיג, כדי אַלע מיטגלידער זאָלען קריגען אונזער זשורנאַל. אונזער עולם איז אַ באַוועגליכער, ציט אָפּט ארוים אין אַנדערע שטעט, נאָך אָפטער אין אַנדערע דירות אין דער זעלבער שטאָט. די עקספּעדיציע האָט נאָענט צו 2000 נייע אַדרעסען מאָנאַטליך, צו פאַרפאַרטיגען פאַר דעם „פריינד", אויסער דאָס געוויינטליכע ארויסשיקען פון דעם זשורנאַל, און די גאַנצע ארבייט, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדען. מיר האָבען לעצטענס געזעהן אָנצונעמען פאַרשידענע מיטלען, אַז די עקספּעדיציע זאָל אַוועקגעשטעלט ווערען אויף אַ בעסערן באָדען, און מיר האָפען, אַז מיר האָבען פיל לייכטער געמאַכט פאַר דער קומענדער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו באַגעגענען ווי געהעריג די פּראָבלעם. אין פאַרבינדונג מיט דעם „פריינד" ווילען מיר נאָך דערמאָנען, אַז מיר האָבען דעם יאָר געפייערט דעם 10־יעריגען יובילעאום פון „פריינד" דורך אַ ספּעציעלען יובילייאום־נומער, און דורך צוויי שיינע מאַסען־קאָנצערטען, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרען מיט דער הילף פון דער ניו־יאָרקער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

## 3) „קינדערלאַנד"

אַ גאַנץ נייע אינסטיטוציע אין אונזער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט איז דאָס „קינדערלאַנד", אַ מאָנאַטליכער אילוסטרירטער זשורנאַל פאַר קינדער, מיט דעם אַנטייל פון די בעסטע אידישע שרייבער און קינסטלער אויף דעם געביט, וואָס מיר האָבען אָנגעהויבען ארויסצוגעבען פון יאַנואַר אָן. מיר האָבען דאָס געטאָן לויט דעם באַשלוס פון דעם ערשטען אַ. ר. שול־צוזאַמענפאָר, וואָס איז ראַטיפיצירט געוואָרען פון דער נואַרקער 20־טער קאָנווענשאָן פון אַ. ר. מיר האָבען געשטעלט פאַר אים אַ פאַרהעלטניסמעסיג קליינעם אַבאָנימענט־פּרייז, און מיר האָבען דורך די עטליכע מאָנאַטען שוין דערוויזען צו פאַראינטערעסירען אין אים, אויסער די פאַרשידענע צענדליגע אַ. ר. שולען, אויך פילע ברענטשעס פון אַ. ר., וואָס האָבען אים באַגריסט און נאָך אַריינגעשיקט זייערע דאַנקען פאַר דער אונטערנעמונג. דאָס „קינדערלאַנד" פאַרשפּרעכט צו זיין אין דער צוקונפט אַ זעהר ערפאָלגרייכער זשורנאַל אויך אין פינאַנציעלען הינזיכט. הגם ביז יעצט האָבען מיר, אַלס אָנפאַנגער אויף דעם געביט, אַ דעפיציט פון נאָענט צו 1000 דאָלאַר. מיר זיינען אָבער זיכער, אַז דער דעפיציט וועט זיך אַליין אויסצאָלען אין די קומענדע מאָנאַטען מיט אַ פאַרגרעסערונג אין דער צירקולאַציע און די פאַרמערונג פון די אַנאָנסען.

## 4) לעקציעס און קורסען

ווי יעדען יאָר, האָבען מיר אויך דעם יאָר אָפּגעמאַכט מיט באַקאַנטע סאָציאַליסטישע לעקטאָרס און דורכגעפירט צענדליגע לעקציעס אין ניו־יאָרק און אין אַ גאַנצע רייע נאָענטע שטעט. די טעמעס זיינען מערסטענס געוועזען איבער סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגען. מיר מוזען צוגעבען, אַז עפּעס וועט מוזען געטאָן ווערען אין דער צוקונפט, כדי אַריינצוטראָגען מער סיסטעם און פּלאַנמעסיגקייט אין אָט די לעקציעס, וואָס קענען מיט אַ צייט פאַרוואַנדלען זיך אין סיסטעמאַטישע קורסען. ליידער פאַרשטעהען נאָך נישט די ברענטשעס די וויכטיגקייט פון סעריע לעקציעס און קורסען, און קלייבען שטענדיג אויס פאַרשידענאַרטיגע טעמעס מיט פאַרשידענע לעקטאָרס.

איבער'ן לאַנד האָבען מיר דורכגעפירט איינעם פון די גרעסטע און לאַנגסטע טורען, וואָס דער אַ. ר. האָט נאָר ווען אונטערנומען. מיר האָבען ארויסגעשיקט גענאָסע א. ראַטמאַן, דער בונדיסטישער אָלדערמאַן פון וואַרשאַ, און ער האָט דורכגעקרייצט די גאַנצע פאַראייניגטע שטאַטען און טיילען פון קענעדע, אין דער לענג און אין דער ברייט, אין דער איסט און אין דער וועסט, אין דער סאַוט און אין דער נאָרט, נאָענט צו 60 שטעט זיינען פון אים באַזוכט געוואָרען, און מישפּט'ענדיג לויט די באַריכטען, וואָס זיינען אָנגעקומען פון די ערטער, האָבען זיינע לעקציעס געלאָזט אַ טיפען איינדרוק און האָבען אין די גרעסטע טייל שטעט אויפגעוועקט דעם עולם פון דער אַפּאַטיע, אין וועלכער זיי זיינען געוועזען פאַר די לעצטע עטליכע מאָנאַטען. גענאָסע ראַטמאַן איז אויך באַאויפטראַגט געוואָרען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע נאָך יעדער לעקציע צו

געבען, אז דאס, וואס מיר האבען דערפילט, איז ווירקליך גרויס, קאן באטראכט ווערען אלס אן אומגעהייערער ערפאלג, און דער ערפאלג איז צו פארדאנקען נאר א דאנק דעם גלויבען און די ליבע, וועלכע אונזערע פארוואלטער און אונזערע מיטגלידער האבען ארויסגעצייגט. די אנשטרענגונג פון אלע אונזערע סיטי און דיסטריקט קאמיטעען, און אויך איז דאס א דאנק די האר־מאניע, וועלכע עס האט געהערשט צווישען די אלע קאמיטעען, און צווישען דעם אפיס און צווישען די אלע פארוואלטער, און דעם שרייבער פון די דאזיגע ציילען, און אויך די איבערגע־בענהייט און די טוכטיגע ארבייט פון אונזער רעק.־רדינג סעק־רעטער, פר. גאליעבטער.

מיר גריסען די דעלעגאטען פון דער 21־טער יערליכער קאנווענשאן אין מאססאטשוזעטס סטייט, און מיר האפען און גלויבען, אז א וועקפארערנדיג פון באסטאן, וועלען זיי מיטנעמען מיט זיך די באגייסטערונג, וועלכע די קאנווענשאן וועט ארויס־רופען ביי זיי, און זיי וועלען ווייטער אנפירען די גרויסע וויכ־טיגע און טעטיגע ארבייט פאר דעם ארבייטער־רינג און פאר דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג.

---

# אפילס צו די דעלעגאטען

## אן אפיל צו אלע דעלעגאטען פון א. ר. קאנווענשאן און ספעציעל צו דער רעזאלוציאנס־קאמיטע

ווערטהע פריינדע; לעצטען יאר האבען מיר זיך געווענדעט צו איי, איר זאלט פארגרעסערען אונזער רעליף פאנד אויף 1,000 דאלער אנשטאט 500 דאלער. ווי איר ווייסט, גייען די רעליף געלדער פאר די א. ר. מעמבערס, וועלכע האבען שוין ארויסגענומען זייער גאנצען קראנקען בענעפיט, און וואס געפינען זיך אין די היגע סאניטאריומס. עס געפינען זיך אין ביידע סאניטאריומס און אין די עקס־פאציענטען הוימען אין דורכשניט 20 מעמבערס א יאר, און מיט די 500 דאלער א יאר, וואס מיר באקומען פאר אט דעם צוועק קענען מיר בלויז שטיצען די מעמבערס־פאציענטען מיט 4 דאלער א מאנאט. דאס הייסט, אז די 500 דאלער גייט אוועק אין 8 מאנאטען, און פאר די לעצטע 4 מאנאטען פון יאר זיינען שוין מעהר קיין מיטלען ניט פאראן. און בפרט, ווען א מעמבער דארף נאר האבען פאר אנדערע מעדיקאלע טריטמענט ווי א גארטער, א קארסעט, אדער זיך ארײנשטעלען ציין, מוזען זיי שוין גאר אנקומען צו טשאריטי. ווער רעט נאך אז איינער דארף פארען נאך קאליפארניע, אדער קען שוין פארען צוריק אהיים, מוז ער אודאי אנקומען צו טשאריטי. און ס׳ווייזט זיך ארויס, אז 50 פראצענט פ. אונזערע מעמבערס זיינען געצוואונגען אנצוקומען צו די היגע טשאריטיס, א זאך וואס איז גארניט שיין פאר אזא ארדען ווי דער א. ר. צו אונזער שאנדע אבער מוזען מיר צוגעבען, אז אונזערע מיטגלידער זיינען געצוואונגען שטיין און בעטלען הילף ביי אזעלכע מינים אנשטאלטען, וועלכע מיר האלטען פאר שאנדהאפט און שלעפעריש.

דערום, טייערע פריינדע, אפעלירען מיר צו אייך, אז איר זאלט אונז העלפען האלטען הויך די פאן פון זעלבסטשטענדיגקייט און מענשליכקייט און אונז ביווויליגען נאך 500 דאלער כדי מיר זאלען קענען שטאלץ און ערנהאפט דורכפירען אונזער א. ר. פרינציפ און זעהן ניט צו דערלאזען אונזערע מעמבערס, וועלכע זיינען שוין אזוי אויך קערפערליך דערשלאגען, זאלען זיך נאך דארפען דערנידעריגען און געצוואונגען זיין בעטלען ביי די צדקה־אנשטאלטען.

מיר האפען אז איר וועט דאס מאל נעמען אונזער אפיל ערנסט און זיך ארײנטראכטען אין דער לאגע פון אזעלכע אונגליקליכע מיטגלידער פון א. ר.

מיט א. ר. גערוס,

דוד עדעלשטאט, בר. 450 דענווער, קאל.

ב. ראוז, סעק.

## אן אפיל פון דער הכנסת אורחים און אימיגראנט עיד סאסייעטי אוו אמעריקא צו די דעלעגאטען פון דער 21־טער קאנווענשאן פון ארבייטער רינג

זעהר געערטע דעלעגאטען!

אין נאמען פון אונזערע אלעמענס שוועסטער און ברידער, מו־טערס און פאטערס, וועלכע מוטשען זיך אין אייראפעאישען גיהנום, אפעלירען מיר צו אייך, ווארט־פירער פון גרויסען אידישען ארבייטער־ארדען, איר זאלט האבען אין זינען די הייליגע פליכט, וואס ליגט אויף אונז אין באצוג צו די יעניגע פון די אומגליקליכע, וועמעס איינציגע רעטונג איז צו קומען אהער, און זיך פאראייניגען מיט זייערע פאמיליען אין דיזען לאנד.

אייך, די פירער פון אידישע ארבייטער, איז זיכער באקאנט די גוטע ארבייט, וואס די הכנסת אורחים און אימיגראנט עיד סאסייעטי טוט אויף פאר די אידישע וואנדערער אויף יענער זייט ים, איידער זיי פארען אפ, און אין אמעריקא, נאכדעם ווען זיי קומען אהער. צענדליג טויזענדע אידישע פרויען און מענער זיינען גערעטעט גע־ווארען לעצטען יאר. מיר בעטען אייך צו געדענקען, אז אונזער טע־טיגקייט איז איצט פיל פארגרעסערט געווארען. עס איז ניט נויטיג, אז מיר זאלען פאר אזעלכע אינטעליגענטע מענשען ווי איר דארפען דערקלערען די וויכטיגקייט פון דער דאזיגער קאנסטרוקטיווער רעליף פאר אונזערע פלייש און בלוט, און מיר ווענדען זיך צו אייך נאך שטיצע מיט דער זיכערהייט, אז איהר וועט דאס מאל, אזוי ווי שטענ־דיג, דינען דעם אידישען אימיגראנט, וועלכער איז אייך אזוי ליב און טייער ווי אונז.

זאל אייער קאנווענשאן זאגען איר שיינעם, ליבליכען, ווארימען ווארט צום אידישען אימיגראנט! זאל די וועלט ווידער הערען דעם סימפאטישען ברידערליכען קול פון אידישען ארבייטער צו זיין ברו־דער אויף דער אנדער זייט פון אטלאנטיק! זאל דער ארבייטער־רינג ווידער צייגען זיין גרויסמוטיגע אפענע האנט!

פריינד דעלעגאטען!

איר האט אונז ברייטהארציג געהאלפען ביים בויען אונזער נייער נאציאנאלער היים פאר אידישע אימיגראנטען. און מיר בעטען אייך, איר זאלט אונז העלפען אין אונזער וויכטיגער אונטערנעמונג צו רעטען די אידישע קרבנות פון דער מלחמה און פון די פאגראמען, זיי צו פאראייניגען מיט זייערע פאמיליען.

פליכט רופט אייך און מיר זיינען פאראויס זיכער, אז אייער ענטפער וועט זיין א נאבעלער, א באגייסטערנדער.

מיט גרויס דרך ארץ,

הכנסת אורחים און אימיגראנט עיד סאסייעטי.
דזשאן ל. בערנשטיין, פרעזידענט.

---

## א יום טוב ביי דעם בר. 530

דער 6־יאריגער יובילייאום פון בר. 530 יוסטאן, טעקסאס, איז געפייערט געווארען דעם 13־טען מערץ אויף זעהר א יום־טובדיגען אופן. כמעט אלע מיטגלידער מיט זייערע פאמיליעס זיינען גע־קומען פייערן דעם יום־טוב פון זייער ברענטש. אונזער ליבער גאסט א. ראטמאן, וועלכער האט גע־קע־טשורט דעם זעלבען טאג, האט באוויזען וויפיל דער א. ר. טוט אויף; אז נאר אזא סאניטאריום פאר ארבייטער ווי אין ליבערטי איז ניטא אויף דער גאנצער וועלט; אז דער א. ר. פירט דורך ריי־זיגע אונטערנעמונגען אויף דעם קולטורעלען געביט. ער דאנקט דעם צופאל, וואס ער איז אנגעקומען אין יוסטאן דעם זעלבען טאג, וואס ווערט גע־פייערט אן א. ר. יום־טוב, און זאגט, אז דאס בעס־טע וואס ער קען אונז ווינשען איז ווייטערדיגע טעטיגקייט.

די פייערונג האט געמאכט א שטארקען רושם און געגעבען פרישען מוט פאר ווייטערדיגער ארבייט.

פרידע וויינער, פראט. סעק.

## ערקלערונג פון בר. 392 א. ר.

מיר זיינען געצוואונגען צוליב געוויסע אורזאכען צו פארמאכען אונזער קאסע פאר אויסערליכע שטי־צע פאר איין יאר צייט.

ד. לעהרער, סעק.

## רעזאלוציע צו העכערען ק.־אנקען בענעפיט

נאך א לענגערער דיסקוסיע אין אונזער ברענטש איז איינשטימיג באשלאסען געווארען ביי א ספע־שעל מיטינג צו רעקאמענדירען פאלגענדע רעזאלו־ציע צו דער קאנווענשאן:

אזוי ווי דער א. ר. האט געצאלט צו אירע מיט־גלידער די זעלבע 6 דאלאר א וואך מיט 15 יאר צוריק און דאך האבען אונזערע מיטגלידער נישט געקענט אויסקומען אין צייט פון קראנקהייט; אזוי ווי יעצט איז א דיפערענץ מיט 200 פראצענט גע־גען דאן;

דארום זיי עס באשלאסען צו רעקאמענדירען צו דער קאנווענשאן צו העכערן דעם קראנקען־בענעפיט אויף 9 דאלאר א וואך.

די פרעס קאמ. פון בר. 399 א. ר.
ה. פאמעראנץ, ס. ברזשינסקי
ר. ראזענצווייג, רעק. סעק.

---

ביי אונזערע א דזשאינט מיטינג פון א. ר. ברענטשעס זיינען אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציעס, וואס זאלען געבראכט ווערען פאר דער נעקסטער קאנווענשאן:

1) דער סיק בענעפיט זאל געהעכערט ווערען פון 8 ביז 10 דאלאר א וואך.

2) די עדיוקיישאנאל קאמיטע זאל שאפען בי־ליגע בראשורען פון 25—50 סענט א בראשורע פאר פראפאגאנדא און פאר היגיענע.

3) אז מען זאל טעקסען יעדען מיטגליד מיט 5 סענט פער קווארטאל פאר „סאוויעט רוסלאנד ריקאנסטראקשאן ווארק", און דער ארדען זאל אויך זעהן צו מאכען סאוויעט רוסלאנד א לאקאמאטיוו— א פרעזענט.

4) אויך זאל מען זעהן, אז די מיטגלידער פון באפאלא זאלען קריגען יעדען מאנאט צוגעשיקט דעם „פריינד", ווען נישט וועלען זיי נישט צאלען דעם „פריינד"־טעקס. אין "פריינד" זאל מען אויך דרוקען א קינדער־פיידזש אין ענגליש.

5) צו פראטעסטירען געגען די ארויסגעבער פון „פריינד" פאר זייער ניט פארעפענטליכען דעם פראטעסט, וואס דער סעקרעטער פון בר. 29 האט ארייננעשיקט ווארום די מעמבערס קריגען ניט דעם „פריינד".

פ. פישער, סעק., באפאלא, נ. י.

פון דער רעדאקציע: — מיר קענען זיך נישט דערמאנען, אז מיר זאלען האבען דער־האלטען א פראטעסט־רעזאלוציע פון בר. 29 צו פארעפענטליכען אין „פריינד". עס איז די פאליסי פון דער רעדאקציע פון „פריינד" פאר דער גאנצער צייט צו דרוקען יעדען פראטעסט, און אומצופרי־דענע אויסדריקען בנוגע דער רעדאקציע און אד־מיניסטראציע פון „פריינד". ווארשיינליך איז דאס געשיקט געווארען קיין פאסייק און ליגט זיך דארט בכבוד גד.ל, צדער עס איז פארפאלען געווא־רען א.י.ן וועג.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעליר מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבייטער רינג ווערט אָפּגעהאַלטען זונטאָג דעם 6־טען מערץ, מיט פריינד י. ישורין אלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 608, — לאַדען אייך אַ פאַרטרעטער צו זייער יובילייאום־באַנקעט, וואָס וועט געפּייערט ווערען דעם 13־טען ד. מ. ערוויילט פריינד מאָלאָט.

פון בר. 413, פילאַדעלפיא, — זיי בעטען צו שיקען אַ רעדנער צו זייער באַל, וועלכען זיי ווילען אויסנוצען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען. עס ווערט באַשלאָסען דעם צושריפט איבערצוגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון בר. 366, — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער יובילייאום באַנקעט. ערוויילט פריינד קרינסקי.

פון ניו־ענגלאַנד ביוראָ, פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, — זיי שרייבען, אַז זיי גיבען אַרויס אַ ספּעציעלען נומער פון דער „נייער וועלט“ צו דער אַרבייטער־רינג קאָנווענשאָן. זיי בעטען צו באַווילליגען אַ פּיידזש אַדוועטייזמענטס פאַר דעם נומער. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען דאָס צו דער קאָנווענשאָן קאָמיטע מיט „פול פּאָוער“ וועגען דעם צו האַנדלען.

פון דער וועסטערן קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט פון שיקאַגאָ, — זיי שרייבען, אַז זייער קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג געפינט זיך אין אַ קריטישען צושטאַנד, און אויב מען וועט זיי יעצט ניט העלפען און זייער אונטערנעמונג וועט אונטערגעהן, וועט דאָס זיין אַ קלאַפּ פאַר יעדער נייער קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג אין שיקאַגאָ. זיי אַפּעלירען, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל זעהן עפּעס טאָן פאַר זיי. ס'ווערט באַשלאָסען איבערצושיקען זייער צושריפט צו דער שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע.

פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, — זיי בעטען צוצושיקען אַרטיקלען פאַר דעם באַזאַר, וואָס זיי אַראַנזשירען צו קויפען מאַשינערי צו פאַרגרעסערען די קאָרפּאָריישאָן פון די סיגאַרעט מייקערס. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, און עס איז דער סענטימענט, אַז זיי זאָלען שיקען ביכער פון דער אַ. ר. אויסגאַבע.

פון דער דרעס און ווייסט מאַכער יוניאָן, — זיי באַדאַנקען פאַר דעם ערמוטיגונגס־בריף, וואָס איז געשיקט געוואָרען צו זיי אין צייט פון סטרייק.

## באַריכטע

פר. דינערשטיין באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען ביים יובילייאום פון בר. 17, האַרטפאָרד, וועלכער איז געפייערט געוואָרען דורך אַ קאָנצערט פון אייגענע אָרטיגע קרעפטען. דער יום־טוב איז געווען זעהר אַ שיינער. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. שפּייער באַריכטעט, אַז פר. זאַלצמאַן, באַסקין און ער זיינען געווען פאַרטראַטען ביים באַנקעט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען אַלס קבלת פנים פאַר וולאַדאַמאַר מעדעם. ביים באַנקעט איז געזאַמעלט געוואָרען אַרום 16 הונדערט דאָלאַר פאַר'ן „בונד“. די גרעסטע סומען זיינען ביינעשטייערט געוואָרען פון אַרבייטער רינג ברענטשעס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. יאַקאָבי באַריכטעט, אַז פר. וואָלבערג און ער זיינען געווען פאַרטראַטען ביים יובילייאום באַנקעט פון בר. 68, און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמ. דער ברענטש האָט ביי דער געלעגענהייט ביינעשטייערט 50 דאָלאַר פאַר'ן רעליף פאָנד. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ליטאַוער באַריכטעט, אַז די קאָמיטע, וואָס איז ערוויילט געוואָרען צו אָרגאַניזירען אַ פייערונג פאַר דעם זיג מיט דעם טשאַרטער אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, האָט באַשלאָסען צו אַראַנזשירען אַ באַנקעט אויף מיטוואָך אָוענט דעם 23־טען מערץ, אין בעטהאָווען האָל. דער באַנקעט איז אַראַנזשירט געוואָרען אויף דעם דייט, ווייל עס איז ניט געווען קיין שבת אָדער זונטאָג פריי און קיין האָל פאַר די נעקסטע עטליכע וואָכען. די קאָמיטע האָט באַשלאָסען איינצולאַדען פאַרטרעטער פון אַלע ברענטשעס אין ניו־יאָרק און אומגעגענד, ווי אויך אַלע געוועזענע פאַרוואַלטער און טוער פון אַרבייטער רינג. מען וועט רעכענען 3 דאָלאַר פון אַ פערזאָן צו דעם באַנקעט. די קאָמיטע גלויבט, אַז דאָס וועט זיין דער פּאַסענדסטער אופן צו פייערן דעם זיג אין מאַסאַטשוזעטס, ווייל די אַקטיווסטע טוער אין אַרבייטער רינג וועלען זיך צוזאַמענקומען ביי דער געלעגענהייט, פאַרברענגען און פרייען זיך צוזאַמען. דער פּלאַן און דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע ווערען גוטגעהייסען.

פר. וואָלבערג באַריכטעט, אַז פר. פרישוואַסער און ער זיינען געווען פאַרטראַטען ביי דער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. די קאָנפערענץ האָט אויפ'ן פּלאַץ ערוויילט 69 דעלעגאַטען, צו וועלכע ניו־יאָרק איז געווען בארעכטיגט. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. נעכאַמקין באַריכטעט, אַז פר. מאָלאָט און ער זיינען געווען פאַרטראַטען ביי דער קאָנפערענץ פון דער נעטשוראַליזיישאָן אייד ליג. פר. ישורין, דער מענעדזשער פון דער ליג, האָט איבערגעגעבען אַ גענויען רעפּאָרט פון דער אַרבייט פאַר אַ יאָר צייט. ווי עס צייגט זיך אַרויס, האָבען אַרבייטער רינג ברענטשעס ביינעשטייערט אַ גאַנץ באַדייטענדע סומע צו די אויסגאַבען פון דער נעטשוראַליזיישאָן אייד ליג. ביי דער קאָנפערענץ איז ערוויילט געוואָרען אַ נייע עקזעקוטיוו פון דער ליג. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## קאָמיטעס

פון בר. 54, — זיי אַפּעלירען געגען דער אַפּיס קאָמיטע פאַר ענטזאָגען זיך צו רעאינסטייטען זייערען אַ מיטגליד. דער טשערמאַן ערקלערט דעם פאַרטרעטער פון ברענטש, אַז זיי דאַרפען זיך ווענדען צו דער אָפּיס קאָמיטע אָדער צו דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע.

פון דער מאַסאַטשוזעטס אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, — פר. יאָנאַס, דר. פּאַלמער, מ. לעווינסאָן, ראַכמילאָוויטש און ע. מיללער, ערקלערען אַז זיי זיינען געקומען זיך דורכרעדען מיט דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע וועגען דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פון אַרבייטער רינג, ווי אויך וועגען די פאַרבאַרייטונגען פאַר דער קומענדער קאָנווענשאָן.

פר. יודיטש ערקלערט, אַז פר. עבעריל און ער זיינען געווען אין באָסטאָן אַלס פאַרטרעטער פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און געהאַט אַ מיטינג מיט דער באָארד אוו דירעקטאָרען פון לייבאָר־ליג. עס איז דאַמאַלס באַשלאָסען געוואָרען, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פון אַרבייטער רינג אין מאַסאַטשוזעטס סטייט זאָל געטאָן ווערען פון דער צייטווייליגער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע איז באַשטימט געוואָרען פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון אַ. ר. די דאָזיגע קאָמיטע זאָל אַרבייטען געמיינשאַפטליך מיט דער באָארד אוו דירעקטאָרען פון לייבאָר־ליג. ער דייטעט אָן, אַז פאָרלויפיג איז נאָך קיין אַרבייטער רינג ברענטש אין מאַסאַטשוזעטס ניט אָרגאַניזירט געוואָרען, און ער איז מיט דער מיינונג, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס די אָרגאַניזאַציאָנס טעטיגקייט ווערט ניט אָנגעפירט אַזוי ווי מיר האָבען ערוואַרטעט.

פריינדע יאָנאַס, דר. פּאַלמער, משה לעווינסאָן און ראַכמילאָוויטש שטעלען זיך אָפּ גאַנץ ברייט אויף דער פראַגע פון אָרגאַניזירען אַ. ר. ברענטשעס אין מאַסאַטשוזעטס סטייט. זיי אַלע ערקלערען, אַז דער אַרבייטער רינג האָט אָן שום ספק אַ ברייט פעלד זיך צו אַנטוויקלען אין יענעם שטאַט, נאָר זיי גלויבען, אַז אײדער די פאַראייניגונג צווישען אַרבייטער רינג מיט'ן לייבאָר ליג וועט דורכגעפירט ווערען, וואָלט געווען ראַטזאַם פאָרלויפיג זיך צוריקצוהאַלטען פון אָרגאַניזירען דאָרט אַ. ר. ברענטשעס, הויפּטזעכליך אין די קלענערע שטעט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע איבער דער פראַגע, אין וועלכער עס באַטייליגען זיך כמעט אַלע מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט צו דער דאָרטיגער אַרבייטער רינג אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. די פאַרטרעטער פון יענער קאָמיטע, וועלכע זיינען דאָ אנוועזענד, זיינען געבעטען איבערצוגעבען דעם סענטימענט פון דער נאַצ. עקז., אַז די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פון אַרבייטער רינג זאָל אין מאַסאַטשוזעטס סטייט אָנגעפירט ווערען אויף אַזאַ ברייטען מאַסשטאַב, ווי זיי וועלען געפינען פאַר נייטיג.

## וועגען קאָנווענשאָן

דר. פּאַלמער ערקלערט אין נאָמען פון דער באָסטאָנער קאָמיטע, אַז די פאַרבאַרייטונגס־אַרבייט פון דער קומענדער קאָנווענשאָן איז פאַרבונדען מיט היבשע אויסגאַבען. לויט זייער פּראָגראַם וועט אַראַנזשירט ווערען אַ פּאַראַד צו דער ערעפענונג, אַן אַרויספאָר פאַר די דעלעגאַטען א. ד. ג. זיי בעטען דארום צו באַווילליגען אַ געוויסען בודזשעט פאַר די קאָנווענשאָן אויסגאַבען.

פר. יאָנאַס גיט איבער אין מער איינצעלהייטען דעם פּראָגראַם, וואָס זיי האָבען אויסגעאַרבייט פאַר דער קאָנווענשאָן: אַ פּאַראַד צו דער ערעפענונג; אַ פאַרוויילונגס־אָוונט פאַר די דעלעגאַטען; אַ קאָנצערט און מאַס־מיטינג, וואָס זאָל אויסגענוצט ווערען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען; אַ באַל פאַר די דעלעגאַטען און געסט; אַן אַרויספאָר פאַר די דעלעגאַטען, צו צייגען זיי באָסטאָן און אומגעגענד; נייטיגע דעקאָראַציעס און אַדווערטייזמענטס א. ד. ג. עס ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען זייער פּלאַן און באַשטימען פאַר זיי 500 דאָלאַר אויף לויפענדע אויסגאַבען.

עס ווערט אויך באַשלאָסען צו באַווילליגען 200 דאָלאַר אויף לויפענדע אויסגאַבען פאַר דער מאַסס. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון אַרבייטער רינג.

עס ווערט באַשלאָסען איינצולאַדען דעם לייבאָר ליג צו שיקען 6 פראַטוירנאַל דעלעגאַטען צו אונזער קאָנווענשאָן, ווייל ווען זיי וואָלטען יעצט געווען אַ טייל פון אַרבייטער רינג, וואָלטען זיי געווען בארעכטיגט צו אַזאַ צאָל דעלעגאַטען.

די עקזעקוטיוו קאָנווענשאָן קאָמיטע ווערט געבעטען צוצושטעלען צום נעקסטען מיטינג פון דער עקזעקוטיוו אַ ליסט פון פּערזאָנען

און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זאָלען איינגעלאַדען ווערען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע

פר. העסקעל, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, ערקלערט, אַז די גריוועגס קאָמיטע האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַנדעלט וועגען אַן אַפּיל פון אַ מיטגליד פון בר. 250 פון פּיטסבורג, געגען זייער באַשלוס צו באַשטראָפען אים, ווייל ער־איז געבליבען אַרבייטען אין דער צייט פון אַ גרויסען שטאָל־סטרייק. אין דעם בריף פון ברענטש, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אנגעלעגענהייט, איז אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז דער אָנגעקלאָגטער האָט זיך אויסגעדריקט, דאָס וויבאַלד מען וועט פון אים נים אַרונטערנעמען די שטראָף, וועט ער זיך ווענדען צו די געזעצען פון שטאַט. דער ברענטש האָט לעצטענס ערקלערט שריפטליך, אַז דער באַטרעפענדער האָט קיינמאָל אַזעלכעס ניט געזאָגט און אַז יענע ערקלערונג איז אָנגעגעבען געוואָרען דורך אַ מיספאַרשטענדניס. דער ברענטש האָט געבעטען, אַז די באַהויפּטונג זאָל אָפּגעלייקענט ווערען אין „פריינד“.

פר. העסקעל ערקלערט, אַז די גריוועגס קאָמיטע האָט אין פאַרלויף פון לעצטען מאָנאַט געהאַט איניגע קלאַגען און אַפּילס, וועלכע האָלטען זיין אונטערזוכט ווערען און איבער וועלכע קיין אורטייל איז נאָך נים אַרויסגעגעבען געוואָרען.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג, מיטוואָך אָוועגט, דעם 9־טען מערץ.

אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָוועגט דעם 9־טען מערץ, מיט פריינד ישורין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 268, — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 12־יעהרליכען יוביליעאום. ערוויילט פריינד מאָלאָט.

פון בר. 7, — לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו זייער 20־טען יאָהרעס־פעסט וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 13־טען ד. מ. ערוויילט פר. יאַקאָבי, און עבעריל.

פון בר. 369, — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 10־יעהרליכען יוביליעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 12־טען ד. מ. ערוויילט ר. ליטאוער.

פון שלום עליכם שול נומער 3, — זיי לאַדען איין פאַרטרעטער צו דעם באַנקעט און קאָנצערט, וואָס ווערט אַראַנזשירט צוליעם זייער פאַרשליסען זיך אָן די אַרבייטער רינג שולען. ערוויילט פריינדע בערנשטיין און הייפערלינג.

## סעקרעטער׳ס רעפּאָרט

פר. י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס:

צום 1־טען מערץ איז די מיטגלידערשאַפט געווען 83,984. מען דאַרף אָבער ערוואַרטען, אַז פון דעם וועט אַרונטערגעהן די צאָל געשטראָבענע צו ענדע פון דעם קוואַרטאַל. פאַר׳ן רעליעף פאָנד קומט די לעצטע צייט אַריין אַזוי פיל וויפיל עס וואָלט אַריינגעקומען אין נאָרמאַלע צייטען, אָבער דאָס איז דערפאַר ווייל די אַרבייטסלאָזיגקייט און די סטרייקס אין פילע פאַכען האָבען געלאָזט היבשע שפּורען. דיזער רעליעף פאָנד האָט יעצט $32,285.60.

לעצטער קוואַרטאַל איז געווען אַ ספּעציעלער אַסעסמענט 5 סענט פאַר מעמבער פאַר׳ן אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד, און דאָס וועט דעקען דעם דעפיציט פון פאָנד.

דער אַדמיניסטרייש‌אָן פאָנד האָט אַ דעפיציט פון $9,618.01.

פר. באַסקין זאָגט, אַז די עקזעקוטיוו וועט זיך דאַרפען פאַרטראַכטען וועגען רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאָן אום צו זעהן אַז די דעפיציטען פון פאַרשידענע פאָנדס זאָלען געדעקט ווערען. רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פר. איינבראַמס, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז בר. 36 האָט זיך געווענדעט וועגען פאָלגענדעס: זיי האָבען געצייגט זייער שרייך־בוך, אַז נאָך דעם 16־טען מאַי 1919 זיינען ביי זיי 3 מיטגלידער געשטראָכען געוואָרען. דער אָפּיס האָט דעם ברענטש אָבער די גאַנצע צייט גערעכענט מיט זייער דיוס. אין אָפּיס איז נים געווען קיין רעקאָרד, אַז יענער שרייך־ליסט זאָל האָבען ערהאַלטען געוואָרען. זיי האָבען פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל דעם ברענטש קרעדיטירען מיט די דיוס פאַר די 3 מיטגלידער פאַר דער גאַנצער צייט. ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באַווילינען.

אַ גרופּע מיטגלידער פון בר. 24 האָבען געגרינדעט אַ קרעדיט יוניאָן, וועלכע זיי האָבען געטשאַרטערט אונטער דעם נאָמען „אַרבייטער רינג קרעדיט יוניאָן“. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיי אויפצופאָדערן צו ענדערען דעם נאָמען אויף „קרעדיט יוניאָן פון ברענטש 24 אַרבייטער רינג“.

די אָפּיס קאָמיטע גלויבט, אַז אויב דער פריהערדיגער נאָמען זאָל געלאָזען ווערען, וועט דאָס הייסען, אַז דער אַרבייטער רינג וועט מאָראַליש טראָגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די טעטיגקייט פון אָט דער קרעדיט יוניאָן.

עס זיינען געאָרדערט געוואָרען 1000 וואַוטשער ביכער, 1000 האָספּיטאַל פּאָסטאַל קאַרדס, נייע סיק סערטיפיקייטס, און אַפּליקיישאָן בלאַנקס.

ס. גאָלדמאַן, דער אַסיסטענט בוכקיפּער, וועלכער איז געווען פאַרבונדען מיט דעם אָפּיס אַרום 10 יאָר, האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט, ווייל ער געהט אַליין אין ביזנעס. מר. שאַטין איז אָנגעשטעלט געוואָרען אויף זיין פּלאַץ. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשטימט פאַר ס. גאָלדמאַן 2 וואָכען וועיקיישאָן אַלס באָנוס.

3 עקסטראַ פּערזאָן זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען אויף איניגע וואָכען, אום אַרויסצוהעלפען אין דער אַרבייט פון די יערליכע סטייטמענטס פאַר די פאַרשידענע אינשורענס דעפּאַרטמענטס. די סטייטמענטס זיינען שוין פאַרטיג, און 2 פון די 3 עקסטראַ אָנגעשטעלטע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען.

מאַנכע ברענטשעס האָבען נאָך אַלץ גרויסע חובות צום אָפּיס. די מיטגלידער פון דער אָפּיס קאָמיטע האָבען אין פאַרבינדונג מיט באַזוכט אַ גאַנצע רייהע ברענטשעס אין ניו־יאָרק און אין די אַרומיגע שטעט. מאַנכע פון זיי האָבען שוין געמאַכט אַיינצאָלונגען אויפ׳ן חשבון פון די חובות, אָבער דער אַלגעמיינער באַלאַנס פון די ברענטשעס איז צו ענדע פון לעצטען קוואַרטאַל געבליבען אַ גאַנץ גרויסער.

די „יונייטעד קאָנסטראַקטיוו אַקאַונטענסי“ איז אָנגעשטעלט געוואָרען צו אָודיטען די ביכער פון דזשענעראַל אָפּיס.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. וואָלבערג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פריינד יאַקאָבי, וועלכער איז פאַרבונדען מיט די בוטשער אַרבייטער יוניאָן, איז צוזאַמען מיט דער קאָמיטע אַרויסגעפאָרען אין סאַניטאַריום, און האָט זיך ווידער דורכגערעדט מיט׳ן בוטשער וועגען די פּרייזען פון פלייש. ער האָט אויסגעאַרבייט אַ ליסט פון פּרייזען פאַר די פאַרשידענע סאָרטען פלייש וואָס מען נוצט אין סאַניטאַריום. אָט די ליסט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דר. אַנטאָנאָווסקי, וועלכער איז געבעטען געוואָרען אָפּצומאַכען מיט דעם בוטשער אַ שטענדיגען פּרייז, אַנשטאָט נאָכצוקומען דעם מאַרקעט פּרייז פון טאָג צו טאָג.

ברענטש 240 האָט געוואָלט אומקערען די $200 קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, וואָס זייערער אַ מיטגליד האָט געקראָגען מיט העכער 7 מאָנאַטען צוריק, אום ער זאָל אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום. מען האָט דעם ברענטש ערקלערט, אַז ס׳איז שוין מעהר ווי 6 מאָנאַטען ווי דער באַטרעפענדער האָט געקראָגען די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, און אום אַריינצוקומען אין סאַניטאַריום, דאַרף די סומע אומגעקערט ווערען אין פאַרלויף פון 6 מאָנאַטען צייט.

דער סאַניטאַריום יום־טוב אין ניו־יאָרק איז געפייערט געוואָרען זונטאָג בייטאָג, דעם 20־טען פעברואַר, דורך אַ גרויסען קאָנצערט, וואָס איז געגעבען געוואָרען אין לעקסינגטאָן אָפּערא הויז. דער קאָנצערט איז דורכגעפירט געוואָרען פון דעם באַרימטען רוסישען אָפּערא־זינגער, יוסף ווינאָגראַדאָוו. ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס גראַד דעם טאָג האָט אויסגעבראָכען אַ שניי־שטורעם, איז דאָך דער טעאַטער געווען איבערגעפילט. דער קאָנצערט איז געווען אַ קלאַסיש־אידישער און האָט געמאַכט אַ זעלטען גוטען איינדרוק אויף די אַנוועזענדע. ביי דער געלעגענהייט זיינען אויך געצייגט געוואָרען די נייע בילדער פון סאַניטאַריום. פר. ישורין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, האָט אַדרעסירט די אַנוועזענדע און זיי ערקלערט די באַדייטונג פון דעם סאַניטאַריום יום־טוב און איבערגעגעבען וועגען דער וויכטיגקייט פון אונזער סאַניטאַריום. דאָס איז ניט געווען בלויז אַ קאָנצערט, נאָר אַלע טוער און מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג האָבען זיך דאָרט געפילט ווי ביי אַן אמת׳ער שמחה.

אַ נייער טשיקען־מאַן איז דאָ אין סאַניטאַריום. ער פאַרנעמט זיך יעצט מיט דער אַרבייט פון דעם אינקיובייטאָר. עס זיינען לעצטענס צוגעקומען 1000 יונגע טשיקענדלעך. דער טשיקען־מאַן ערוואַרטעט, אַז מיר זאָלען האָבען אַרום 5000 יונגע טשיקענס.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. בערנשטיין, וויים־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז דער צווייטער נומער „קינדערלאַנד“ איז שוין ערשינען. די קינדער פון די אַרבייטער־רינג שולען, אַזוי גוט ווי פילע פון זייערע עלטערן, האָבען דעם קינדער־זשורנאַל אויפגענומען מיט פרייד. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט פאַרלויפיג באַשלאָסען אַנשטאַט אַ געהילף פאַר פריינד ביילין, אָנצושטעלען אַ אידישע טייפּרייטערין און אויך אַ באָי, וואָס זאָל טאָן די טעכנישע אַרבייט אין דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט און טיילווייז אויך אַרויסהעלפען ביילינען אין דער אָפּיס אַרבייט.

פר. שטיינבאום איז געווען אין ווילמינגטאָן ביים מיטינג פון ברענטש, וואו ס׳איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון דער שולע. ס׳זיינען דאָרט פאָרגעקומען צווייסטיגקייטען די לעצטע צייט, און ווי ס׳זעהט אויס, איז אַ דאַנק פר. שטיינבאומס אַנוועזענהייט, געלונגען די דאָזיגע צווייסטיגקייטען צו באַזייטיגען. זיי וועלען אויסקלייבען אַ נייע שול־פאַרוואַלטונג און וועלען זיך יעצט נעמען ענערגיש פאַר דער אַרבייט צו

אנטוויקלען די שולע און אוועקשטעלען זי אויף א פעסטערען באדען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען צו נעמען 200 סעטס פון א. ליטווינס 6 בענדער „אידישע נשמות”. דער פרייז פון די ביכער אין 12 דאלאר, אבער אונז וועלען זיי קאסטען בלויז $4.80 א סעט, און ס'וועט אויף אזא אופן מעגליך זיין צו געבען צו אונזערע מיטגלידער די דאזיגע אויף א רעדוצירטער פרייז.

די שלום־עליכם שולע, נומער 3, פון בראנקס, איז רעארגאניזירט געווארען אלס אן ארבייטער־רינג שולע, און זי וועט קירצליך אפיציעל אינסטאלירט ווערען אלס אזעלכע.

דאס הויז פון דער וויליאמסבורג שול איז געוועזן אונטער דער אויפזיכט פון די באארד און דירעקטארס פון די וויליאמסבורג עדיוקיישאנאל אליענס. די לעצטע האט מיט א קורצער צייט צוריק פארופען א ספעציעלען מיטינג, ביי וועלכען זיי האבען ערקלערט, אז זי נעמט פון זיך ארונטער די פאראנטווארטליכקייט פאר די הויז פון דער שול, וואס איז דאמאלס ביי יענעם מיטינג דיסקוטירט געווארען וועגען דער פראגע אויפצוגעבען די שולע. עס פארשטעהט זיך, אז די וויליאמסבורג עדיוקיישאנאל אליענס קאן בלויז באשטימען וועגען אריינטערנעמען די פאר. פאראנטווארטליכקייט פאר די אויסגאבען פון דער שולע. זי האט אבער ניט געקענט באשטימען די שול אויפצוגעבען. די עדיוקיישאנאל קאמיטעט וועט דארום פארופען א ספעציעלע קאנפערענץ פון אלע וויליאמסבורגער ברענטשעס, כדי צו ערוויילען א נייע שול פארוואלטונג, וועלכע זאל אויף זיך נעמען די וויטערדיגע פירונג פון דער וויליאמסבורג שול.

דער לעקטשור־טור מיט א. ראטמאן, ווערט פארגעזעצט. די שטאט וועלכע ער האט ביז יעצט באזוכט, האבען זיך זעהר ווארים אפגערופען, און באדאנקט די עדיוקיישאנאל קאמיטע פאר שיקען אים אלס לעקטשורער. דער דעפיציט פון זיין טור וועט באטרעפען ארום $1000, א ס. מער ווי די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט אנפאנגס געדענקט. א. ראטמאן רעדט אויך נאך יעדער לעקציע וועגען די צוויי קאמפיינס.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע מאכט פארבארייטונגען פאר דעם לעהרער צוזאמענפאר, וועלכער וועט דיזען יאר אפגעהאלטען ווערען אין טאראנטא. ס'איז צו ערווארטען, אז די טאראנטא ברענטשעס און מיטגלידער פון ארבייטער רינג וועלען זיין צופרידען וואס זיי האבען אם ווייניגסטענס דעם לערער צוזאמענפאר אויב עס האט אזוי פאסירט, אז די אלגעמיינע קאנווענשאן האט ביי זיי ניט געקענט אפגעהאלטען ווערען.

עס ווערט באשלאסען די פראגע וועגען ליטווינ'ס ביכער נאכאמאל איבערצוגעבען צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו האנדלען. דער רעכארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע

פר. יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז דער מעדיקאל דעפארטמענט האט געלאזט וויסען, אז זיי קענען ניט באוויליגען קיין קארדס צו זייערע ספעציאליסטען דאקטוירים פאר מעמבערס פון ברענטשעס, וועלכע זיינען ניט אנגעשלאסען אן זייער דעפארטמענט. די בענעפיט קאמיטע איז מיט דער מיינונג, אז אויב א מיטגליד פון ארבייטער רינג, עס מאכט ניט אויס צו וועלכען ברענטש ער באלאנגט, ווענדעט זיך צום דזשענעראל אפיס צו העלפען אים וועגען א ספעציאליסט, דארף אזא הילף אים געשאפען ווערען; בפרט ווען עס ווערט אדווערטייזט פון מעדיקאל דעפארטמענט, אז מעמבערס פון ארבייטער רינג קענען זיך מיט אזעלכע דאקטוירים ספעציאליסטען באנוצען. עס זיינען דא גאנץ ווייניג מיטגלידער, וועלכע קענען זיך ניט פאנאנדערקלייבען צו דער מעדיקאל דעפארטמענט איז א לאקאלע זאך, אונטערנומען פון די ניו־יארקער ברענטשעס אליין, אדער דאס איז אן אפטיילונג פון אפיס. די בענעפיט קאמיטע האט דארום באשלאסען אז דער אפיס זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט פראפעסארען, ספעציאליסטען, מיט וועלכע ארבייטער רינג מיטגלידער זאלען זיך קענען באנוצען אזוי לאנג ווי דער מעדיקאל דעפארטמענט ענטזאגט זיך צו באוויליגען דיזען פארלאנג.

פר. שפייער, מאלאט און ער (יאקאבי) זיינען געוועזן פארטראטען ביי דעם קאנפערענץ פון מעדיקאל דעפארטמענט. די פארטרעטער פון דער בענעפיט קאמיטע האבען דארט ערקלערט, אז די קאנפערענץ איז גערופען געווארען אויף דעם פארלאנג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו. די קאנפערענץ האט באשלאסען אויסצודריקען אונצופרידענהייט מיט דער האנדלונג פון דעם מעדיקאל דעפארטמענט. עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז דער מעדיקאל דעפארטמענט האט ניט געלאזט וויסען די ברענטשעס וועגען דער הויפט פראגע צוליב וועלכע די קאנפערענץ איז גערופען געווארען.

עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען צו דער נאצ. בענעפיט קאמיטע צוזאמען מיט דעם אפיס צו פארהאנדלען נאכאמאל די פראגען וועגען ספעציאליסטען מיט דעם מעדיקאל דעפארטמענט. רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. פ. יודיטש, טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען צו זעהן אנפירען א ביכטיגען קאמפיין אין מאסאטשוזעטס סטייט. פר. קאנאווין, דער סעקרעטער פון דער מאסאטשוזעטס ארגאניזאציאנס קאמיטע האט לעצטענס געשריבען, אז זיי ערווארטען דאס איניגע ברענטשעס זאלען אין גיכען אינסטאלירט ווערען. די מאסאטשוזעטס ארגאניזאציאנס קאמיטע האט געדיינקט צו געבען א פרייז מעדיצינישע אונטערזוכונג פאר אלע מיטגלידער וועלכע וועלען זיך אנשליסען אן ארבייטער רינג ביז'ן קאנווענשאן. די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען דאס ניט צו באוויליגען.

דער קורצער טור וואס איז געמאכט געווארען אין קאליפארניא סטייט פון דעם סעקרעטער פון דער דארטיגער קאמיטע, פר. סיימאנס, איז געוועזן א גרויסער ערפאלג. ער האט באזוכט די עקזיסטירענדע ברענטשעס, און ער האט אויך געשאפען א באדען פאר נייע ברענטשעס אין די פלעצער וואו עס איז דא א אידישע באפעלקערונג. פר. סיימאנס האט בכלל ארויסגעצייגט זיין איבערגעבענהייט צום ארבייטער רינג. מען קען ערווארטען, אז דער קורצער טור זיינער וועט ברייגען גוטע רעזולטאטען.

פר. עפשטיין איז געוועזן ביי דעם מיטינג פון דער דיסטריקט קאמיטע אין מינעאפאלים. דיזע קאמיטע פירט יעצט אן די ארגאניזאציאנס ארבייט געמיינשאפטליך מיט דער סיטי קאמיטע פון סט. פאול.

די פיטטסבורג דיסטריקט קאמיטע גרייט זיך דורכצופיהרען נאך א צוויי־וואכעדיגען טור צווישען די ברענטשעס פון זייער דיסטריקט, אין פארבינדונג מיט אונזערע 2 קאמפיינס.

אין עליזאבעטה, נ. דזש., איז אפגעהאלטען געווארען א מיטינג צו גרינדען אן ארטיגען לייבאר לייסעאום. פר. עבעריל איז דארט געוועזן פארטראטען, און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע. זיי האבען ביים מיטינג געזאמעלט ארום 6 הונדערט דאלאר פאר לייבאר לייסעאומס.

פר. דינערשטיין איז געוועזן פארטראטען אין לייקוואוד, אדרעסירט א מיטינג פון דעם ברענטש, און האט זיך ביי דער געלעגענהייט דורכגערעדט מיט זיי וועגען ביידע קאמפיינס. דער עלעמענט פון דארטיגען ברענטש איז זעהר א סימפאטישער, זיי וועלען שאפען ארום $1000 פאר'ן רעליף פאנד.

פר. באסקין האט אדרעסירט א מאסמיטינג אין ביאן. דער מיטינג איז געוועזן זעהר גוט באזוכט.

ער (יודיטש) איז געוועזן פארטראטען אין ניו־הייווען ביי א דזשאינט מיטינג פון די דארטיגע ברענטשעס. ער האט זיך מיט די אנוועזענדע דורכגערעדט וועגען ביידע קאמפיינס, און זיי האבען פארשפראכען צו טאן אלעס וואס ס'איז מעגליך צו מאכען זייער ארבייט זייער ארבייט פאר אן ערפאלג.

נייע ברענטשעס זיינען דעם מאנאט אינסטאלירט געווארען אין עסבורי פארק, נ. דזש., א ברענטש פון קאלאמעיער לאנדסלייט אין ניו־יארק, אויך איז אינסטאלירט געווארען אין ניו־יארק אן ענגליש־שפרעכענדער ברענטש, וועלכער באשטייט פון מיטגלידער פון דעם 17־טען אסעמבלי דיסטריקט ס. פ.

אין פעטערסאן קומען פאר רייבונגען צווישען מאנכע ברענטשעס און דער דיסטריקט קאמיטע. פר. זאלצמאן איז געוועזן פארטראטען ביי א דזשאינט מיטינג, וואו עס איז פארהאנדעלט געווארען דיזע פראגע.

די הארטפארד דיסטריקט קאמיטע האט געשריבען, אז זיי וועלען אין גיכען באזוכען די ברענטשעס פון פוטנעם, ווילימאנטיק, און מידלטאון.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ישורין ערקלערט, אז ער איז געוועזן פארטראטען ביי דער קאנפערענץ צו נאמינירען קאנדידאטען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, ווי אויך ביי דער קאנפערענץ צו נאמינירען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. ער ערקלערט, אז ביידע קאנפערענצען זיינען דורכגעפירט געווארען אויף א רוהיגען און שעהנעם אופן. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

אלס פארטרעטער צו דער עקזעקוטיוו פון דער פיפלס רעליף ווערען ערוויילט פריינד יאקאבי און העסקעל.

פר. ישורין, יודיטש, און אלפערט ווערען ערוויילט אנצושרייבען דעם עקזעקוטיוו רעפארט צו דער קאנווענשאן.

---

## דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט ערעפענט זונטאג דעם 3טען אפריל אום 10 אור פריה מיט פר. ישורין אלס טשערמאן.

### צושריפטען

פון לייבאר ליעג, זיי בעטען צו שיקען פארטרעטער צו זייער ספעציעלער קאנווענשאן פאר דעם צוועק אויסצוארבייטען א פלאן פאר פאראייניגונג מיט דעם ארבייטער רינג, וואס וועט שטאטפינדען דעם 15טען און 16טען אפריל. ערוויילט פריינדע באסקין און ישורין

פון די פיפלס רעליף קאמיטע, — זיי שרייבען, אז זיי האבען ערהאלטען די ליסט פון די נייע ערוויילטע פארטרעטער צו זייער עקזעקוטיוו. זיי מאכען אויך אויפמערקזאם, אז אונזערע פארטרעטער צו זייער אדמיניסטראציאנס־קאמיטע זיינען אויך צו דער זעלבער צייט מיטגלידער פון זייער עקזעקוטיוו.

פון פר. ט. דייוויס, נאצ. באארד אוו דירעקטאר פון ווירדזשיניא. ער שרייבט, אז ביי דעם לעצטען מיטינג פון דער ג. ב. א. ד. איז באשטימט געווארען, אז די דירעקטארען זאלען קענען רעפארטען אין די גרעסערע שטעט פון זייער שטאט. אזוי ווי אין ריטשמאנד, ווא., האט מען אים געבעטען צו קומען, פרעגט ער אן צי זיינע הוצאות וועלען געדעקט ווערען. עס ווערט באשלאסען דעם צושריפט איבערצוגעבען צו דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס־קאמיטע.

פון די אידישע צענטראלע ארבייטער קערפערשאפטען אין שיקאגא, — זיי בעטען צו אינדארסירען זייער קאמפיין צו שאפען א פאנד פאר א טעגליכע ענגלישע צייטונג. באשלאסען צו באווילינגען זייער פארלאנג.

פון די היברו האספיטאל אין באלטימאר, — באדאנקען פאר די $200.00 וואס איז צו זיי צוגעשיקט געווארען אלס יערליכע בייסטייערונג. פון דעם 5 טויזענד דאלער־פאנד באשטימט פון קאנווענשאן.

פון דער פאליטיקאל אמנעסטי קאמיטע, — זיי בעטען צו ערוויילען א פארטרעטער צו דער הירינג וואס וועט געשיקט ווערען אין וואשינגטאן דעם 13טען און 14טען אפריל. עס ווערט באשלאסען צו בעטען מייער לאנדאן אז ער זאל דארט פארטרעטען די נאצ. עקזעקוטיוו פון א. ר.

פון די נאצ. ב. א. ד., — פריינד ל. ארקין, סעקרעטער, מעלדעט אז ביים לעצטען מיטינג פון דער נאצ. באארד אוו דירעקטארען זיינען פארהאנדעלט געווארען פאלגענדע אפיעלס געגען פארשידענע אפטיילונגען פון דער עקזעקוטיוו און די ענטשיידונגען זיינען געווען :

א) אפיל פון מ. זימער, מעמבער בר. 250, געגען דער גריוועננס קאמיטע, דער אפיל איז צוריקגעוויזען געווארען, און די שטעלונג פון דער גריוועננס קאמיטע איז גוטגעהייסען געווארען.

ב) אפיל פון בר. 45 געגען דער דער גריוועננס קאמיטע. די נ. ב. א. ד. זיינען מיט דער מיינונג, אז לויט דעם פארברעכען וואס דער מעמבער איז באגאנגען געגען די פרינציפען פון א. ר. איז דער שטראף וואס דער ברענטש האט אויף אים ארויפגעלייגט זעהר א מילדער, און די גריוועננס קאמיטע האט דעם שטראף ניט געדארפט פארקלענערען, און דעריבער איז די ענטשיידונג פון דער גריוועננס קאמיטע צוריקגעוויזען געווארען, און די שטראף וואס דער בר. האט אויף דעם מעמבער ארויפגעלייגט איז גוטגעהייסען געווארען.

ג) אפיל פון בר. 395 געגען דער נאצ. גריוועננס קאמיטע, גלויבען אויך די דירעקטארען אז די גריוועננס קאמיטע האט ניט באדארפט פארקלענערען די שטראף וואס דער ברענטש האט ארויפגעלייגט אויף דעם מעמבער, און דער באשלוס פון דער גריוועננס קאמיטע איז צוריקגעוויזען געווארען, דערמיט מוז דער מעמבער באצאלען דעם שטראף וואס דער בר. האט אויף אים ארויפגעלייגט.

ד) אפיל פון וו. ליבין, מעמבער בר. 206, נאכדעם ווי דער אפעלאנט איז ארויסגערופען געווארען צוויי מאל, צום מיטינג פון די דירעקטארען צו ערקלערען זיין אפיל, און ער האט דאס פארפעלט צו טאן, און ניט האבענדיג די גרינדע פאר וואס ער אפעלירט, איז די האנדלונג פון דער גריוועננס קאמיטע בעצוג דעם אפיל גוטגעהייסען געווארען.

פון י. מאלקין, בר. 147, — ער שרייבט, אז ער ציהט זיך צוריק פון דעם באלאט אלס קאנדידאט צו דער בענעפיט קאמיטע פון דער קומענדער פארוואלטונג. עס ווערט באשלאסען ארונטערצונעמען זיין נאמען פון די אפגעשטימטע באלאטס וואס וועלען ארייגקומען אין אפיס.

## באריכטען

פר. מאלאט באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביים יובילעאום באנקעט פון בר. 208, און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו. זיי האבען דאמאלס געשאפען הונדערט און עטליכע און צוואנציג דאלער פאר'ן רעליף. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. מאלאט ערקלערט, אז ס'איז פאר אים לוידער אומעגליך געווען צו אטענדען צו דעם יובילעאום־באנקעט פון בר. 608.

פר. קרינסקי באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביים יובילעאום באנקעט פון בר. 506. אויף זיין אפיל האט דער ברענטש באשלאסען בייצושטייערען $100 פאר'ן רעליף. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. יאקובי באריכטעט, אז פר. עבעריל און ער זיינען געווען פארטראטען ביים יובילעאום פייערונג פון בר. 7 און באגריסט זיי אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו. פר. עבעריל האט ביי דער געלעגענהייט געמאכט אן אפיל פאר'ן רעליף, און עס איז געשאפען געווארען $135. דער ברענטש האט צוגעגעבען $15 אום צוצושיקען אין אפיס א גלייכע סומע פון $150. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ליטאוער באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביי בר. 369, און זיי באגריסט צו זייער 10־יעריגען יובילעאום. זיי האבען דאמאלס געשאפען ארום $200 פאר זייער לאנדסמאנשאפט רעליף, און פארשפראכען צו שיקען די געלד דורכ'ן דזשענעראל אפיס. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. ליטאוער באריכטעט, אז דער באנקעט, מיטוואך אווענד, דעם ...טען מערץ, דורך וועלכען עס איז געפייערט געווארען דער זיג פון קריגען דעם טשארטער פון מאסאטשועטס סטייט, איז געווען א גרויסער ערפאלג, ניט קוקענדיג דארויף וואס דאס איז געווען א מיטען־וואך, זיינען דאך אנוועזענד געווען ארום 400 פערזאן. עס זיינען געווען פארטראטען די גרעסטע צאל ברענטשעס פון ניו־יארק און אומגעגענד. אויך זיינען געווען אלטע טוער פון א. ר. אלס געסט זיינען געווען ב. פייגענבוים, דער ערשטער סעקרעטער פון א. ר., ס. יאנאס, סעקרעטער פון לייבאר ליג, דר. האלפערן, אדמיטינג דאקטאר פון סאניטאריום, דר. אנטאנאווסקי, מעדיקאל דירעקטאר פון סאניטאריום, מייער לאנדאן, ליגעל אדווייזער פון א. ר., און אנדערע. עס זיינען אויך איינגעלאדען געווארען אלע מיטגלידער פון דזשענעראל אפיס סטעף. דער ארבייטער רינג מענדאלין ארקעסטער אונטער דער לידערשיפ פון מר. פאפערלא, האט געשפילט קלאסישע און רעוואלוציאנערע נומערען. די אראנדזשמענט קאמיטע האט באשלאסען צו פרעזענטירען פר. באסקין מיט א גאלדערנעם זייגער, און א ספעציעלען מעדאליאן מיט דעם א. ר. עמבלעם אלס אויסדרוק פון אנערקענונג פאר זיין ארבייט אין פארבינדונג מיט קריגען דעם טשארטער. ער (ליטאוער) האט פארגעשטעלט פר. נ. פיינערמאן אלס טאוסט מאסטער, נאכער זיינען קורצע רעדעס געהאלטען געווארען פון ב. פייגענבוים, יודיטש, ווייגבערג, וואלאס, בולגאטש, ליליענבלום און אנדערע פון באנקעט איז געבליבען א דעפיציט פון $185.50. עס ווערט באשלאסען צו דעקען דעם דעפיציט, און דער רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

פר. עבעריל באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען זונטאג בייטאג דעם 6טען מערץ ביי דער ברוקלינער טעריטאריען קאנפערענץ צו נאמינירען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. די ברוקלינער טעריטאריע איז בארעכטיגט צו 10 דעלעגאטען. די קאנפערענץ האט באשלאסען צו שיקען די ליסטע פון נאמינירטע דעלעגאטען צו א רעפערענדום אפשטימונג צו די ברענטשעס. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## באריכט פון דער קאנווענשאן קאמיטע

פר. ראזענבלאט, סעקרעטער פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז זיי האבען באשלאסען צו שרייבען צו דער באסטאנער קאנווענשאן אראנדזשמענט קאמיטע, אז אוידער זיי מאכען גרעסערע אויסגאבען זאלען זיי זיך פריער בעראטען מיט דער עקזעקוטיוו קאנווענשאן קאמיטע.

עס איז באשטימט געווארען, אז די דעלעגאטען פון ניו־יארק און אומגעגענד זאלען פארען צום קאנווענשאן שבת אווענד מיט דער שיף פון דעם מעטראפאליטאן ליין, וועלכע פארט דירעקט קיין באסטאן. ער גיט איבער דעם פראגראם פון קאנווענשאן, ווי ער איז אויסגעארבייט געווארען פון דער באסטאן קאנווענשאן אראנדזשמענט קאמיטע. ער ערקלערט, אז זייער קאמיטע האט דיזען פראגראם גוטגעהייסען.

זיי האבען באשלאסען איינצולאדען די נאציאנאלע ארבייטער קערפערשאפטען, ווי אויך אב. קאהאן, ב. פייגענבוים, וולאדימיר מעדעם, דעם „פארווערטס“ אסאסיאיישאן און די עקזעקוטיוו פון לייבאר ליג.

עס איז באשטימט געווארען צו באווילינגען $100 פאר דעם ספעציעלען נומער „נייע וועלט“ וואס וועט ארויסגעגעבען ווערען צו דער קאנווענשאן פון א. ר.

עס ווערט באשטימט איינצולאדען משה לעווינסאן פון באסטאן אלס פראטוירנאל דעלעגאט צו דער קאנווענשאן. עס ווערט באשטימט, אז פר. געליבטער, רעקארדינג סעקרעטער, זאל קומען צו דער קאנווענשאן, ווען ער וועט קענען אוועקפארען פון אפיס. רעפארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. גריוועננס קאמיטע

פר. העסקעל, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז זיי האבען פארהאנדעלט א קלאגע געגען א מיטגליד פון א ניו־יארקער ברענטש. די קלאגע געגען אים איז באשטאנען אין פאלגענדעם : דער באטרעפענדער איז א לאנגע צייט געווען טעטיג אין „בונד“. ביי דעם לעצטען פיקניק פון דעם ניו יארקער ברענטש פון „בונד“ איז ער געווען דער „העד“ פון דער באר קאמיטע. ביים „בונד“ איז באשלאסען געווארען, אז אלע די, וועלכע זיינען ביים באר זאלען ניט אננעמען קיין קעש, נאר טשעקס. דער באטרעפענדער האט אבער גענומען קעש און קיין טשעקס ניט געקויפט. ס'איז באוויזען געווארען דורך די פראטאקאלען פון ניו־יארקער ברענטש פון „בונד“, אז ער איז געפונען געווארען שולדיג אין דער קלאגע. די גריוועננס קאמיטע האט די זאך אונטערזוכט, און באשלאסען צו געפינען דעם באטרעפענדען שולדיג, שטיצענדיג זיך אויף די פראטאקאלען פון דעם ניו־יארקער בר. פון „בונד“.

א מיטגליד פון ברענטש 247 האט אנגעקלאגט דעם בר. פאר ארייננעמען א מיטגליד ניט ווי עס ווערט פארגעשריבען אין אונזער קאנסטיטוציע. דער באטרעפענדער איז קיין מאל ניט פארגעשלאגען אדער אויפגענומען געווארען ביים מיטינג פון ברענטש. די פארטרעטער פון בר. האבען ערקלערט, אז דער באטרעפענדער איז א פאסענדער מיטגליד פאר'ן א. ר., אז איינער פון די בעאמטע איז געווען אונטער דעם איינדרוק, אז ער איז געזעצליך פארגעשלאגען געווארען מיט א צייט צוריק און מ'האט אים דערום געפירט צום דאקטאר און אויפגענומען אלס מיטגליד פון ברענטש. די גריוועננס קאמיטע האט באשלאסען צו טאדלען דעם בר. פאר ארייננעמען א מיטגליד אויף אן אונגעזעצליכען אופן.

א מיטגליד פון בר. 175 האט אפעלירט געגען באשלוס פון בר. צו שטראפירען אים מיט 99 דאלער פאר קויפען פלייש אין א בוטשער שאפ, אין דער צייט ווען די מיטגלידער פון א. ר. האבען [illegible]

א קאמף געגען אלע בוטשערס, אז זיי זאלען רעדוצירען די פרייזען פון פלייש. דער אפעלאנט האט ערקלערט, אז צוליב דער קראנקהייט אין זיין פאמיליע, האט ער געמוזט האבען פלייש, און ער האט דערום געמוזט קויפען ביי איינעם פון די בוטשערס, וועלכער האט ניט געהאט געסעטעלט. עס איז באשלאסען געווארען צו רעדוצירען זיין שטראף אויף $5.00 אויפ'ן גרונד וואס ער האט זיך באצויגען פריינדליך צו דעם קאמף וואס די מיטגלידער פון זיין בר. האבען אנגעפירט פאר רעדוצירען דעם לעבענס-מיטעל ביי זיי אין שטאט און דערפאר וואס ער האט דעם ברענטש ניט געגעבען קיין פאסענדען ענטפער, ווארום ער האט אזוי געהאנדעלט.

א מיטגליד פון א נוארקער בר. האט אפעלירט געגען באשלוס פון בר. צו שטרייכען אים. דער באטרעפענדער איז א באס-פיינטער, און ער האט ניט געסעטעלט מיט דער יוניאן אין דער צייט פון זייער לעצטען סטרייק, און דערפאר וואס ער האט אליין אין דער צייט פון סטרייק געארבייט. דער באטרעפענדער האט ערקלערט, אז ער איז א שותף מיט נאך איינעם, און לויט די געזעצען פון דער פיינטערס יוניאן אין נוארק, אויב עס זיינען פאראן 2 פארטנערס, מעג איינער פון זיי ארבייטען. די פארטרעטער פון בר. ווידער האבען אנגעצייגט, אז 64 אונאפהייגיגע באסעס האבען געסעטעלט מיט דער יוניאן, און דער באטרעפענדער איז געווען מיט די באסעס אסאסיאיישאן, וועלכע האט געהאלפען צוברעכען דעם סטרייק. די עדות פאר דעם אפעלאנט, וועלכע זיינען אליין פיינטער, האבען איבערגעגעבען, אז אין צייט פון סטרייק זיינען קיינע סקעבס ביי אים ניט געווען באשעפטיגט. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען, אז ער זאל באשטראפט ווערען מיט $25.00, וועלכע סומע זאל גיין פאר'ן רעליף, און אנדייטען אין דעם אפיל, אז אלס מיטגליד פון א. ר., האט ער געדארפט ארויסציגען מער טאלעראנץ צו די ארבייטער אין צייט פון סטרייק, און ניט זיין צווישען די באסעס אסאסיאיישאן, וועלכער העלפט די באסעס אנפירען דעם קאמף געגען די ארבייטער.

א מיטגליד פון דער „שיט מעטאל ווארקערס יוניאן" האט אפעלירט געגען בר. 215 פאר ניט נעמען קיין שטעלונג געגען זייערען א מיטגליד, וועלכער האט געסקעבט אין צייט פון סטרייק, און וועלכער האט פריער געבראכט קלאגען אין קאורט געגען די בעאמטע פון דער יוניאן. דער פארטרעטער פון ברענטש האט ערקלערט, אז זיי האבען זיך הויפטזעכליך געשטעלט אלס ציל צו באאיינפלוסען דעם אנגעקלאג-טען, אז ער זאל צוריקציען פון קאורט זיין קלאגע געגען די בעאמטע פון דער יוניאן. זיי האבען אים אבער ניט געקענט באאיינפלוסען, ווייל ווי ער האט געזאגט, האבען מאנכע פון די סטרייקער אים גע-שלאגען, און דער ברענטש האט געדיינקט, אז עס וועט זיין טאקטישער אפצואווארטען נאך א קורצע צייט צו זעהן דאס ביי אים צו פועל'ן. זיי זיינען אבער ניט געווען גלייכגילטיג צו דער זאך, נאר זיי האבען אזוי געהאנדעלט, נעמענדיג אין אנבעטראכט די אינטערעסען פון דער יוניאן.

די נאצ. גריוועגס קאמיטע האט באאויפטראגט דעם בר. נאכאמאל אויפצונעמען די קלאגע געגען דעם באטרעפענדען, און האנדלען אויף א געזעצליכען אופן.

ער (העסקעל) איז ערוויילט געווארען אלס דעלעגאט צום קאנ-ווענשאן צו פארטרעטען די נאצ. גריוועגס קאמיטע.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאציאנאלער בענעפיט קאמיטע

פר. יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט אז א ניו-יארקער בר. האט צוגעשטעלט סטייטמענטס פאר דעם בענעפיט פון א מיטגליד וועלכער איז געשטארבען מיט עטליכע מאנאטען צוריק. דער בר. האט ערקלערט, אז דער פארשטארבענער איז געווען פון יענע מיט-גלידער, וועלכע מעלדען זיך ניט פאר קיין בענעפיט; אז ער איז געווען קראנק 3 יאר פאר'ן טויט, און ער האט קיין בענעפיט ניט פארלאנגט. יעצט אבער פארלאנגט די אלמנה אז מען זאל איר אויס-צאלען די בענעפיט פאר די קראנקהייט פון דער לעצטער צייט איידער ער איז געשטארבען. א פארטרעטער פון דער בענעפיט קאמיטע איז געווען אין בר. צו אונטערזוכען די אנגעלעגענהייט, און עס איז בא-שלאסען געווארען די בענעפיט אויסצוצאלען.

אויף דער רעקאמענדאציע פון דר. האלפערן, וואס איז גוטגעהייסען געווארען פון דער מעדיקאל עדווייזארי באארד, האט די בענעפיט קאמיטע באשלאסען צו שטיצען מיט $200 דעם סט. דזשאזעף האספי-טאל, מיט וועלכע עס באנוצען זיך אונזערע מיטגלידער, וועלכע זיינען אדוואנסט טובוירקולאר קייסעס.

א מיטגליד פון בר. 502 האט אפעלירט צו דער גריוועגס קאמיטע געגען באשלוס פון דער בענעפיט קאמיטע צוריקצואווייזען זיין בענע-פיט. די בענעפיט קאמ. האט זיך מיט איר באשלוס געשטיצט אויף דעם בריף פון בר., וועלכער האט געשריבען, אז דער באטרעפענדער האט ניט זעהר קיין גוטען רעקארד וואס אנבעלאנגט בענעפיט; אז דער באטרעפענדער האט זיך צו זיי ניט געמאלדען אין צייט נאר ער האט צוגעשיקט דעם סטייטמענט פון דאקטאר נאך דער קראנקהייט. די גריוועגס קאמ. האט באשטימט די זאך נאכאמאל איבערגעבען צו דער בענעפיט קאמ. די בענעפיט קאמ. האט וועגען דעם ווידער געהאנדעלט און באשטימט צו בלייבען ביים פריערדיגען באשלוס.

דער מעדיקאל דעפארטמענט האט באשלאסען צו באוויליגען קארדס צו ספעציאליסטען דאקטוירים פאר א. ר. מיטגלידער, וועלכע וועלען זיך ווענדען צום אפיס.

ער (יאקאבי) איז ערוויילט געווארען אלס דעלעגאט צום קאנ-ווענשאן צו פארטרעטען די בענעפיט קאמ.

באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון אפיס קאמיטע

פר. איבראמס, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די נאציאנאלע עקזעקיוטיוו קאמיטע האט פארלאנגט, אז דער קעשיר פון אפיס זאל אננעמען די סובסקריפשאנס פאר דעם קינדער זשורנאל „קינדערלאנד". זייער פארלאנג איז באוויליגט געווארען.

דער סעמעטערי דעפארטמענט האט געבעטען, אז מען זאל זיי אויסלייען 5 טויזענד דאלער אויף עטליכע וואכען צייט. זייער פאר-לאנג איז באוויליגט געווארען.

דער אינשורענס דעפארטמענט פון קענעדע האט געלאזט וויסען, אז זיי האבען ערהאלטען אונזער יערליכען סטייטמענט, אבער ניט דער וואליועיישאן רעפארט. זיי האבען ערקלערט, אז דער סטייטמענט אליין איז ניט גענוגענד, און פאר יעדען טאג וואס דער אפיס וועט זיין שפעט מיט צושיקען דעם וואליואיישאן רעפארט, וועט דער אינ-שורענס דעפארטמענט רעכענען $10.00 שטראף. דער וואליואיישאן רעפארט האט זיך פארשפעטיגט צוליב דעם וואס אונזער עקטשוערי האט ניט קיין לייסענס אין קענעדע, און דער קענעדער רעפארט האט געדארפט דורכגעקוקט און אויסגעפילט ווערען פון א צווייטען עקטשוערי.

אונזערע ליגעל עדווייזערס, מייער לאנדאאן און דזש. ביראק פון דער לאיער פירמע ראיער און ביראק, האבען אויסגעארבייט א פארמע פון א קאנטראקט פאר דער פאראייניגונג צווישען דעם א. ר. און דעם לייבאר ליג. אט דער קאנטראקט וועט פריער פארגעבראכט ווערען פאר דעם ניו-יארק אינשורענס קאמישאנער. מייער לאנדאו האט פארשפראכען צו זיין די טעג אין אלבאני, אין אינשורענס דע-פארטמענט, וועגען דער פראגע, ווי אויך וועגען דורכפירען די $1,000 פאליסי.

דער רעפערענדום באלאט פאר דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו איז ארויסגעשיקט געווארען צו די ברענטשעס אין אנפאנג פון לעצטען מאנאט.

ניו יארק שטאטישע באנדס זיינען געקויפט געווארען אויף 40 טויזענד דאלער פאר וועלכע עס איז באצאלט געווארען $36,212.50.

די ברענטשעס זיינען פון לעצטען קווארטאל ווידער געבליבען שולדיג צום אפיס אריבער 36 טויזענד דאלער. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען צו באזוכען אין ניו יארק און אומגעגענד אזוי פיל ווי אט די ברענטשעס וויפיל עס וועט זיין מעגליך, און זעהן אז זיי זאלען מאכען זייערע איינצאלונגען צום אפיס.

ער (איבראמס) איז ערוויילט געווארען אלס דעלעגאט צום קאנ-ווענשאן צו פארטרעטען די אפיס קאמיטע.

רעפארט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון סאניטאריום קאמיטע

פר. וואלבערג, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז די סאניטאריום קאמיטע פלאנעוועט צו פארזעצען 2,000 סאסנאווע בוימער ארום דעם סאניטאריום. די רעגירונגס קאמיסיע צו קאנסערווירען וועלדער פארקויפט יעצט סאסנאווע ביימער צו אינסטיטוציעס אויף זעהר מעסיגע פרייזען. די סאניטאריום קאמיטע וועט נאך וועגען דעם פארהאנדלען, און אויב עס וועט ניט זיין פארבונדען מיט קיין סך אויסגאבען, וועט דאס דורכגעפירט ווערען.

עס איז באשלאסען געווארען אויסצוגלייכען און פארשענערן מאנכע טיילען פון די גראונדס פון סאניטאריום. דאס וועט זיין פארבונדען מיט ארום $300 הוצאות.

אויף די רעקאמענדאציע פון אונזערע דאקטוירים, איז באשלאסען געווארען אז באזוכער זאל ניט ערלויבט ווערען אריינגיין אין די ליוויננ-רום, ווייל זיי ברענגען אהין אריין שטויב און זיי שטערען די פאציענטען.

מרס. אנטאנאווסקי, די פרוי פון אונזער מעדיקאל דירעקטאר און סופעראינטענדענט, האט איניגע וואכען, ווען די בוכקיפערין פון סאניטאריום איז געווען אויף א וועקיישאן, געטאן די בוכקיפינג ארבעט. אויך איז אונטער איר אויפזיכט געבראכט געווארען אונטער א זעלטען גוטען אחדנונג די סטארעדזש רום.

די סאניטאריום קאמיטע האט מיט א צייט צוריק אנגעפרעגט ביי ברענטש 450 פון דענווער וועגען דעם צי מיר זאלען זיך שטעלען אין נאענטע באציאונגען מיט דעם דארטיגען עקס-פאציענטען הייס. דער ברענטש האט די זאך אונטערזוכט און אונז געענטפערט, אז זיי גלויבען, אז עס איז ווינשענסווערט, אז מיר זאלען שטעהן מיט זיי אין בארירונג. די סאניטאריום קאמיטע רעקאמענדירט, אז ביי דער קאנווענשאן ווען עס וועלען באשטימט ווערען בודזשעטען פאר די קאנסאמפטיוו סאניטאריום, זאל אויך דיזע אינסטיטוציע גענומען ווערען אין אנבעטראכט.

ווי עס איז שוין פריער רעפארטעט געווארען, איז באשטימט

געוואָרען צו פיקסען די ליג־טום אַזוי, אַז עס זאָל זיין גראַמער אינוועניג און באַקוועמער פאַר די פּאַציענטען. אין דער ערשטער ליג־טו וועלען די לאַקערס איבערגעטראַגען ווערען אויף דער צווייטער זייט. די גאַנצע אַרבעט וועט דאַרפען קאָסטען אַרום 12 אָדער 13 הונדערט דאָלער.

ער (וואָלבערג) איז ערוויילט געוואָרען אַלס דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן צו פאַרטרעטען די סאַניטאַריום קאָמיטע.

פּאַציענט דאַנדיש פון בר. 200 איז לעצטע וואָך געשטאָרבען אין סאַניטאַריום. ער איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרען אויף לונגען־אַנצינדונג, און איז פון דער קראַנקהייט געשטאָרבען. זיין קערפּער איז געבראַכט געוואָרען אין ניו יאָרק.

יוסף ווינאָגראַדאָף, דער באַוואוסטער טענאָר־זינגער, וועט געבען אַ פריוען קאָנצערט פאַר די פּאַציענטען פון סאַניטאַריום, שבת אָוונד דעם 9טען אַפּריל.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען איינלאַדען פר. געליעבטער אַרויסצופאָרען אין סאַניטאַריום צו דער געלעגענהייט.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. פיינערמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז דער לעקטשור טור מיט א. ראַטמאַי איז געווען אַ גלענצענדער ערפאָלג. ער האָט באַזוכט פילע שטעט וועלכע זיינען שוין אַ לאַנגע צייט פון אונזערע לעקטשורערס ניט געדעקט געוואָרען. זיין לעקטשור טור וועט וואַרשיינליך האָבען אַ דעפיציט פון אַרום $1,000.

צוליב דעם וואָס דער מיילינג דעפּאַרטמענט פון „פריינד“ איז געווען הינטערשטעליג אין דער אַרבעט, און צוליב דעם וואָס פר. ביילין איז געווען ניט געזונד, איז דער מערץ נומער „פריינד“ ניט ערשינען, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצוגעבען אַ מערץ־אַפּריל נומער וואָס זאָל ענטהאַלטען 48 זייטען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו פאַרלאַנגען, אַז די קומענדע קאָנווענשאָן זאָל באַאויפטראַגען דעם אָפיס דורכצופירען דעם באַשלוס פון דער 19־טער קאָנווענשאָן אויפצומאָנען דורך אַן אַסעסמענט די סומע פון $1,700 וואָס דער עדיוקיישאָנאַל פאָנד האָט געדאַרפט קריגען מער אין 1919, כדי צו דעקען דעם דעפיציט פון דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד.

די קלאַס פאַר סעקרעטער איז באַזוכט געוואָרען פון 12 אַ. ר. מיטגלידער. דער קורס האָט זיך געענדיגט. 10 פּערזאָן האָבען באַזוכט די קורסען ביז צו ענדע, פון זיי האָבען 6 גראַדואירט, און זיי וועלען זיין גוטע סעקרעטער פון אַ. ר. ברענטשעס.

די קולטור צענטערן אין ניו־יאָרק ווערען ערפאָלגרייך אָנגעפירט פון דעם ניו־יאָרקער שטאָטישען בילדונגס־קאָמיטעט, אָהן דער מיטווירקונג פון די יונייטעד לייבאָר עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

דער אַ. ר. כאָר האָט געגעבען אַ קאָנצערט אין עליס איילאַנד, פאַר וועלכען דער אימיגריישאָן קאָמישאָנער האָט אויסגעדריקט אַ דאַנק צום אַ. ר.

דער ניו־יאָרק שטאָטישער בילדונגס־קאָמיטעט אָרגאַניזירט יעצט 1־טע מאַי פייערונגען אין האַרלעם, בראָנזוויל און דאַון־טאַון.

נייע שולען האַלטען זיך אין עפענען אין מעמפיס, סט. לואיס, פּראַווידענס און קאַלגורי, קענעדע.

פר. שטיינבוים איז געווען פאַרטראָטען אין פּראַווידענס, וואו ער האָט זיך דורכגערעדט מיט די מיטגלידער פון אַ. ר. וועגען די אַ. ר. שולען. פר. ה. זאַק איז געווען אין האַרטפאָרד אויך אין פאַרבינדונג מיט די שולען. אין האַרטפאָרד איז דורכגעפירט געוואָרען אַ טעקס פון 25 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל פאַר די שולען

אין וויליאַמסבורג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנפערענץ פון די ברענטשעס וועגען דער שול. עס איז ערוויילט געוואָרען אַ צייטווייליגע פאַרוואַלטונג. עס איז צו ערוואַרטען, אַז יעצט וועט די וויליאַמסבורג שול אַוועקגעשטעלט ווערען אויף אַ גלענצענדען באָדען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט פאַרטרעטער פון דעם אידישען סעמינאַר מיט וועלכען מיר שטייען אין פריינדליכע באַציאונגען. די קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט דאָס אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אידישע קולטורעלע אַרבעט, זאָלען זיין פאַרטראָטען אין דעם אידישען סעמינאַר מיט גלייכע רעכטע און פליכטע.

דער האַלב־יערליכער קאָנפערענץ פון די ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע אויפצופאָדערען אַלע ניו־יאָרקער ברענטשעס צו צאָלען דעם לאָקאַלען 5 סענט טעקס פאַר די אַ. ר. שולען. זיי האָבען אויך באַשטימט צו דער קאָנוועגשאָן צו רעקאָמענדירען צו העכערען דעם אַסעסמענט פאַר דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד אויף 4 סענט אַ קוואָרטאַל, און צו העכערען דעם אַסעסמענט פאַר די שולען אויף ביז 15 סענט.

עס איז מעגליך, אַז דער צוזאַמענפאָר פון די לערער וועגען די אַ. ר. שולען, זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין קליוולענד אָנשטאָט אין טאָראָנטאָ, צוליב די שוועריגקייטען וואָס ווערען געשטעלט פון אימיגריישאָן דעפּאַרטמענט.

יעקב לעווין האָט רעזיגנירט פון רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום פון „קינדערלאַנד“. זיין רעזיגנאַציע איז אָנגענומען געוואָרען.

די אידישע סטענאָגראַפיסטקע, וועלכע האָט געאַרבעט אויף אַ פּראָבע, איז אַוועקגעשיקט געוואָרען, ווייל זי איז ניט געווען פּאַסענד פאַר דער אַרבעט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז דער אַסעסמענט פאַר'ן „פריינד“ זאָל געהעכערט ווערען פון 8 אויף 11 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל, און דער אַסעסמענט פון עדיוקיישאָנאַל פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 3 אויף 4 סענט פער מעמבער פער קוואָרטאַל.

פר. י. ב. ביילין און פיינערמאַן וועלען אַרויספאָרען אויף עטליכע טעג פאַר דער שול קאָנווענשאָן צו באַזוכען די שולען אין שיקאַגאָ, מילוואָקי, ראָק איילענד, דיטראָיט, פּיטסבורג, קליוולענד און ראָטשעסטער.

פר. פיינערמאַן איז ערוויילט געוואָרען אַלס דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן צו פאַרטרעטען די נאַצ. עקזעק. קאָמיטע.

---

## קאָמיטעס

די עקזעקוטיוו באַשליסט צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען זייערע רעקאָמענדאַציעס צום קאָנווענשאָן צוזאַמען מיט די איבעריגע רעקאָמענדאַציעס פון די אַנדערע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פון דער אַ. ר. הויז קאָמיטע. זיי בעטען צו האָבען אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג פון זייער קאָמיטע מיט דער נאַצ. עקזעקוטיוו, אום זיך דורכצורעדען אין באַצוג די רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאָן וועגען אַן אַ. ר. האָום אָפיס. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג, און אָפּהאַלטען דיזען געמיינשאַפטליכען מיטינג דינסטאַג אָוונד, דעם 12טען ה. מ.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. יודיטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין מאַסאַטשוזעטס סטייט זיינען לעצטענס געגרינדעט געוואָרען די ערשטע צוויי אַ. ר. בר., איינער אין באָסטאָן, אַלס בר. 666 און איינער אין וואוסטער, אַלס בר. 670. דעם 20טען מערץ זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען מאַסמיטינגען אין באָסטאָן און אין וואוסטער, וועלכע זיינען אַדרעסירט געוואָרען פון פר. באַסקין און מייער לאָנדאָן. ביי אַט די מיטינגען זיינען אויך די נייע ברענטשעס אינסטאַלירט געוואָרען. די מיטינגען זיינען געווען זעהר גוט באַזוכט.

דעם זעלבען טאָג איז אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ מאַס־מיטינג אין ספּרינגפילד און אויך אַ באַנקעט דעם זעלבען אָוונד. פר. יאָנאָס און ער (יודיטש) זיינען דאָרט געווען פאַרטראָטען. ביים מאַס־מיטינג און ביים באַנקעט איז גערעט געוואָרען וועגען אַ. ר., וועגען דער וויכטיגקייט פון פאַרשפּרייטען זיין טעטיגקייט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

דריי מאַס־מיטינגען ווערען אויך אַראַנזשירט אויף דעם 10טען אַפּריל אין לין, בראָקטאָן און פאָל ריווער, מאַסס., וואוהין עס זיינען ערוויילט געוואָרען אַלס רעדנער פר. באַסקין, ישורין, און ער (יודיטש).

פר. דינערשטיין האָט אינסטאַלירט דעם נייעם ברענטש פון קאָלעמייער לאַנדסלייט, וועלכער באַשטייט פון אַ פּראָגרעסיווען עלעמענט, זיי פאַרשפּרעכען צו זיין אַ שטאַרקער ברענטש אין דער נאָהענטער צוקונפט.

פר. קרינסקי איז געווען פאַרטראָטען ביי דעם יובילעאום פון בר. 10, און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. עס איז ביי דער געלעגענהייט געשאַפען געוואָרען אַרום $200 פאַר דעם רעליף.

פר. עבעריל און ער (יודיטש) זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער האַלב־יערליכער קאָנפערענץ פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. עס זיינען געווען דעלעגאַטען פון איבער 60 ברענטשעס. די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אָפּגעגעבען אַ באַריכט פון איר האַלב־יערליכער טעטיגקייט. עס איז דאַמאָלס אויך פאָרגעבראַכט געוואָרען די פראַגע וועגען קאַמפּיין וואָס דער אַ.ר. מעדיצינישער הילפס־קאָמיטעט פאַר רוסלאַנד פירט אָן צו שאַפען אַ האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד. די אַנוועזענדע דעלעגאַטען האָבען פאַרשפּראָכען אויפצוהויבען די פראַגע ביי זייערע ברענטשעס, און זעהן אַז יעדער פון זיי זאָל ביישטייערען זייער חלק צו דער אַרבעט.

פר. בענענסאָן, דירעקטאָר פון אילינאָאיז סטייט, איז געווען פאַרטראָטען ביי דעם יובילעאום פון בר. 395 פון ראָק איילענד, און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, ווי ער איז בעאויפטראַגט געוואָרען. ער האָט צו דער זעלבער צייט זיך אויך דורכגערעדט מיט די טוער פון ברענטש, און געשליכטעט איניגע אינערליכע סכסוכים.

פר. אב. עפּשטיין, וועלכער איז אויף אַ טור פון דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע, איז געווען אין סט. לואיס. אונזער דאָרטיגע סיטי קאָמיטע האָט אַראַנזשירט אַ ספּעציעלען מיטינג מיט אים, כדי זיך דורכצורעדען וועגען אַ. ר. טעטיגקייט.

פר. עבעריל איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 69 אין ווילמינגטאָן, דעל. דאָרטען זיינען פאָרגעקומען איניגע סכסוכים וועגען טרעגספערס, און אים איז געלונגען די סכסוכים צו שליכטען אויפ'ן בעסטען אופן.

דער סעקרעטער פון בר. 587, איירקראָן, אָהייאָ, האָט אָנגעפרעגט וועגען זייער אַ לאָקאַלען טעקס פון 25 דאָלאַר פאַר דעם ליוסי־

אום. ער האָט אָנגעדייטעט, אַז דער טעקס שטערט דעם וואוקס פון זייער ברענטש און אַז פילע מיטגלידער ענטזאָגען זיך דעם טעקס צו צאָלען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיי צו ענטפערען, אַז אַ טעקס פאַר אַ ליוי־באָר־לייסעאום איז אַ פרייווויליגע זאַך, און וויסענדיג זייער אָרטיגע אומשטענדען, וועלען די אַ. ר. מיטגלידער זיך ניט ענטזאָגען צו העלפען אויפבויען אַזאַ וויכטיגע אינסטיטוציע. עס איז אָבער אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז צוליב דעם טעקס וועט דער ברענטש קיין מיטגלידער ניט קענען שטרייכען.

פר. מעלצער, דער אָפיציעלער פאַרטרעטער פון אַ. ר. אין מאָנטריאָל, האָט געקראָגען פון דעם קענעדער אינשורענס דעפּאַרטמענט ציפערן, וועלכע צייגען, אַז דער אַ ר. איז דער גרעסטער און שטאַרקסטער אָרדען פון אַלע אידישע פראַטוירנאַל אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געזעצליך אין קענעדע. ער האָט די ציפערן צוזאַמענגעשטעלט אין אַ טאַבעלע און די דאָרטיגע דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך באַנוצט מיט די ציפערן און אַרויסגעלאָזען אַ פאַמפלעט צו דער אָרטיגער אידישער באַפעלקערונג, אַז זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן דעם אַ. ר.

פּאַפּיר. אַזוי ווי אַרויגקלעפּען די בילדער איז פאַרבונדען מיט היבשע אויסגאַבען, וועט יעצט, ווען דער פרייז פון פּאַפּיר איז אַביסעל געפאַלען, אויסקומען ביליגער צו דרוקען דעם גאַנצען נומער אויף בעסערן פּאַפּיר.

ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז מען דאַרף ערווײלען אַ קאָמיטע צו ציילען די באַלאָטס פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. און פון די קאָנטרי־דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. ער בעט, אַז אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו זאָלען נעמען בילדער אין צייט, אום די בילדער פון דער עקזעקוטיוו זאָלען זיין פאַרטיג אין צייט פאַר דעם מאַי נומער „פריינד".

ער גיט דאָן איבער דעם צושטאַנד פון די פאַרשידענע פאָנדס.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

אַלס ציילער קאָמיטע פון דעם עקזעקוטיוו באַלאָט ווערען ערווײלט פריינדע בורגין און עבעריל, אַלס קאָמיטע צו ציילען די באַלאָטס פאַר די קאָנטרי דעלעגאַטען ווערען ערווײלט פריינדע שפּייער און מאַלאָט.

---

פר. ישורין באַריכטעט, אַז די־טשערלייט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס האָבען געמיטעט און אויסגעאַרבייט די רעקאָמענדאַציעס צום קאָנווענשאָן. (די אָנגענומענע רעקאָמענדאַציעס פון דער עקזעקוטיוו צו דער קאָנווענשאָן וועט איר געפינען אויף אַ צווייטען פּלאַץ אין דיזען נומער „פריינד".)

פר. יודיטש לעזט פאַר דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו צו דער קאָנווענשאָן, וועלכער ווערט גוטגעהייסען מיט קליינע אויסבעסערונגען.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענ. סעקרעטער, באַריכטעט, אַז דער צואוואוקס פון נייע מיטגלידער איז לעצטען קוואַרטאַל געוועזען בעסער ווי אין די פריערדיגע עטליכע קוואַרטאַלען. לעצטען קוואַרטאַל איז געוועזען אַ נעט צואוואוקס פון אַרום 700 נייע מיטגלידער. צום ערשטען אַפּריל איז די מיטגלידערשאַפט געוועזען אַרום 83,600. קיין גענויע ציפער קאָן ניט אָנגעגעבען ווערען, ווייל עס איז נאָך ניט אָנגעגעבען געוואָרען דער סך־הכל פון די ריאינסטייטעטע.

דער מאַי נומער „פריינד" וועט געדרוקט ווערען אויף בעסערע

---

## גוטע אַרבייט פאַר'ן מעדיקאַל רעליף אין רוסלאַנד

בר. 450 אין דענווער, קאָלאָ., האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט אויף דעם געביעט פון מעדיקאַל־רעליף פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד. אין אַ קורצער צייט האָבען זיי געשאַפען $181.60.

## אַ ליטעראַרישער קאָנקורס

די צענטראַלע אַל־אָרגאַניזאַציע פון ליטע, פּוילען און ווייס־רוסלאַנד האָט באַשטימט אַ קאָנקורס פאַר די צוויי בעסטע דערציילונגען פאַר קינדער, וועלכע זאָלען געדרוקט זיין אין „גרינינקע ביימעלאַך" (פאַר קינדער פון 7 ביז 11 יאָר) און אין „חבר" (פאַר קינדער פון 12 יאָר ביז 15־16 יאָר).

די באַדינגונגען פון קאָנקורס:

1. עס וועלען אַרויסגעגעבען ווערען צוויי פּרעמיעס:
   ערשטע פּרעמיע — 8,000 מאַרק (אַכט טויזענד).
   צווייטע פּרעמיע — 5,000 מאַרק (פינף טויזענד).
2. עס ווערען ניט געשטעלט קיינע תנאים בנוגע די גרויס און טעמע פון די דערציילונגען.
3. דער לעצטער טערמין צוצושטעלען די ווערק איז דער 20טען מאַי, 1921.
4. די ווערק וועלען געדרוקט ווערען אין „גרינינקע ביימעלאַך" אָדער „חבר" און עס וועט פאַר זיי אויך געצאָלט ווערען דער געווינלאַכער ליטעראַרישער האָנאָראַר.

די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע האָט דעם כבוד צו בעטען אַלע חברים־שריפטשטעלער אַנטייל צו נעמען אין קאָנקורס.

דער אַדרעס פון צענטראַל סעקרעטאַריאַט איז:

דער צענטראַלער סעקרעטאַריאַט

Wilna, Policejna, Dom Oswiaty, Skrzynka pocztowa 66.

Centralna Organizacja Szkolna,

---

די פאָלגענדע רעזאָלוציאָנען זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי דער פאַר־קאָנפערענץ פון אונזער סטייט צו רעקאָמענדירען צו דער 21טער קאָנווענשאָן:

1) דער „פריינד" זאָל ערשיינען מאָנאַטליך מיט אַ צוזעין פון 2 אָדער 3 פּיידזשעס, און די צוגעזעצטע פּיידזשעס זאָלען זיך פאַרנעמען מיט געזונדהייט פראַגען פון געוויסע דאָקטוירים, וועלכע וואָלטען געבראַכט פיל נוצען.

2) מיר רעקאָמענדירען אויך דאָס די פאַר־קאָנפערענץ פון אַזעלכע קליינע דיסטריקטען ווי אונזערע זאָלען אומגעביטען ווערען. דאָס מיינט אַזעלכע דיסטריקטען ווי אונזערע זאָלען דעלעגאַטען נאָמינירט ווערען באַ אַ רעפערענדום פון די ברענטשעס, אורזאַכען זיינען דאָ פילע. עס איז ניט צופרידענשטעלענד, ווייל דער צוזאַמענפאָר איז זייער אַ קליינער און עס ברענגט ניט די ריכטיגע רעזולטאַטען.

מיט אַ. ר. גרוס, מ. בערג, סעק. וויסקאָנסין סטייט קאָנפערענץ,

---

## היט אָפּ אייערע אויגען

ניט נאָר די וועלכע האָבען קראַנקע אויגען, נאָר אויך די יעניגע, וועמעס אויגען עס זענען נאָרמאַל און געזונט, דאַרפען שטענדיג אָפּהיטען זייערע אויגען. כדי זיי ניט אָנצושטרענגען צופיל, דאַרף מען זעהן, זיי זאָלען אַרבייטען אַלע מאָל אונטער די בעסטע באַדינגונגען.

דאָס ליכט פאַר די אויגען דאַרף אַלע מאָל זיין אַ גענוגענדע, ניט קיין קאַרגע, אָבער קיין מאָל ניט קיין בלענדענדע. ווי ווייט מעגליך דאַרף עס אַלע מאָל פאַלען דירעקט אויף דער אַרבייט, אַרום וועלכער מען באַשעפטיגט זיך, און ניט אויף'ן פּנים. די אַרבייט דאַרף אויך זיין אַזאַ, וועלכע זאָל ניט פאָדערען קיין צו־גרויסע אָנשטרענגונג פון די אויגען. די בוכשטאַבען דאַרפען, צום ביישפּיל, ניט זיין קיין, צו־קליינע צום לייענען און אַזוי ווייטער. מען דאַרף אויך ניט איבעראַרבייטען די אויגען צופיל, מעהר ווי אַן אַנדער אָרגאַן פונ'ם קערפּער.

ווען אימיצענס אויגען האָבען אַ פיזישען חסרון, וועלכען מען קען ניט אויסהיילען, — דאַרף זיך אַזאַ מענש זאָרגען פאַר זיינע אָדער איהרע אויגען נאָך מעהר. אַזוינע אויגען ווערען גיכער פאַרמאַטערט נאָך אַ געוויסער צייט אַרבייט און מען דאַרף זיך דערפאַר שטענדיג היטען זיי ניט איבערצואַרבייטען. ווען עס באַווייזט זיך אַ סימפּטאָם פון אויגען־אָנשטרענגונג, אָדער די ראיה אין אַלגעמיין פאַרערגערט זיך — דאַרף מען זיך גלייך ווענדען צו אַ קאָמפּעטענטען אויגען־דאָקטאָר.

היט זיך ניט צו פאַרנאַכלעסיגען די אויגען, ווייל דורך די אויגען געניסט איהר אַ העלפט פון אַלע מענשליכע פאַרגעניגענס וואָס דאָס לעבען גיט אייך

## רהומאַטיזם פון די מוסקעלען

אָפּטער פון אַלץ ווערען פון דעם סאָרט רהומאַטיזם באַרירט דער רוקען (לאָמבאַגאָ), דער נאַקען (אַ שטייפער נאַקען) און די ברוסט. דאָס ווערט פאַראורזאַכט פון אַ פאַרקיהלונג.

הויפּטזעכליך ווען דער גוט־אָנגעוואַרימטער קערפּער ווערט אויסגעזעצט צו קעלט, נאָך שטאַרקע עקסערסייז, אָדער ווען איינער געפינט זיך אין אַ צוג־ווינט — דאָס זענען די הויפּט־סבות וועלכע פאַראורזאַכען רהומאַטיזם פון די מוסקולען.

עס זענען ניטאָ קיין אַנדערע סימפּטאָמען פון דער קראַנקהייט ווי אַ שטייפקייט פון די גלידער און געוויסער וועהטאָג ביים באַוועגען זיי. די מוסקולען קענען אויך זיין עטוואָס געשוואָלען און זעהר פיהלבאַר. אָפט קומט אַן אַטאַקע אַן פּלוצלינג, אָדער דער פּאַציענט כאַפּט זיך אויף אין דער פריה מיט אַ שטייפען האַלז. די בעסטע זאַך איז צוצולעגען אַ פלאַש הייסע וואַסער, אָדער הייסע קאָמפּרעסען, אָדער איהר קענט אַרויפלעגען פלאַנעל, אָדער אַ שטיק בלענקעט אויף דעם וועהטאָגדיגען פּלאַץ, און זיך באַנוצען מיט אַ הייסען ביגעל־אייזען, דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, „אויסביגלען" דעם רהומאַטיזם. שפּעטער קענט איהר געברויכען ליניטמענט און גוט אויסרייבען. די אָנגעגריפענע מוסקולען דאַרפען האָבען רוה. אויב די מוסקולען פון דער ברוסט זענען אָנגעגריפען, איז דאָן אַ גלייכע זאַך צו געברויכען קלעפּיגען פּלאַסטער, פונקט ווי צו אַ צובראָכענער ריפּ. שאַרפע אַטאַקעס פון מוסקול־רהומאַטיזם האַלטען ניט אָן לאַנג, אָפּטער באַגעגענט מען אָבער כראָנישען פאַלען. פאַר כראָנישען רהומאַטיזם פון די מוסקולען איז די בעסטע זאַך אַכטונג צו געבען אויף דעם אַלגעמיינעם געזונט, גוטע שפּייז, פרישע לופט און אַזוי ווייטער.



זײ זײנען בריױט געגוג
די טױערען פון דוהם,
און הױך און שעהן בעװיס,
באַפּראַנזט מיט גלאַנץ און שײן —
דאָך קען נישט יעדער אײנער
צו יעדער צײט אַרײן...

און מעגט איהר זײן װי פײן,
װי קלוג, װי גוט, װי פרום —
אויב איהר האָט עס נישט פאַרדיענט
מיט שװערער מיה און פײן,
מיט טרײהײט, איבערגעבענהײט —
װעט איהר קײנמאָל דאָ נישט זײן!

# דאַנק רעזאָלוציאָנען

װערטער פר. און גענאָסע י. ב. בוילין:

איך װיל דאָ אױסדריקען אונזער דאַנק צו די עדוקײשאָנאַל קאָמ. פאַר אַראַנזשירען פר. א. ראטמאַן פאַר אַ טור פאַר דעם אַ. ר. װי איר װײסט, האָבען מיר דאָ געהאַט פר. ראטמאַן פאַר אַ לעקטשור. ער האָט געהאַלטען אַ לעקציע איבער דער טעמאַ: „דער עקאָנאָמישער קריזיס און די װעלט און סאָװיעטען רוסלאַנד“. איך װיל דאָ נישט רעדען װעגען די ברײטע פּאָפּולאַריטעט װאָס פר. ראטמאַן פאַרמאָגט, ער האָט פּשוט באַצױבערט די צוהערער אָהן אונטערשיד פון ריכטונג. יעדער אײנציגער אנװעזענדער צו דער לעקציע װאָלט זיכער נישט מיד געװאָרען צו הערען אַ גאַנצע סעריע לעקציעס פון פר. ראטמאַן. אַזאַ גוטען אײנדריק האָט ער געמאַכט אויף די פאַרזאַמעלטע. איך װיל דאָ ספּעציעל אויסדריקען אונזער דאַנק פאַר דעם איבערבליק װאָס פר. ראטמאַן האָט געמאַכט װעגען אונזער אַ. ר. איך האָב שוין געהאַט די געלעגענהײט צו הערען פילע לעקטשורערס װאָס דער אַ. ר. שיקט אַרױס, אָבער זײ װעלען לעקטשורען װעגע אַלעס, װי סאָציאַליזם, נאַטור־װיסענשאַפט און אַנדערע געגענשטאַנדען, אָבער קײנמאָל האָבען זײ נישט גערעדט װעגען דעם אַ. ר. זעלבסט, פון װעמען זײ זײנען געשיקט געװאָרען. און די יעצטיגע אויסנאַמע פון פר. ראָטמאַן איז זעהר אַ פרעהלאַכע ערשײנונג, און באַזונדערס איז זײן איבערבליק און אַפּיל װעגען אַ. ר. געװעזען אַזאַ װאַרימער, הײסער װאָס די פאַרזאַמעלטע װעלען לאַנג געדענקען. מיר װינשען און האָפען, דאָס אונזער עדוקײשאָנאַל קאָמיטע װעט זעהן, דאָס פון יעצט אָן זאָל יעדער לעקטשורער װען געשיקט פון אַ. ר., נישט פאַרגעסען אָן דער אָרגאַניזאַציע פון װעלכער ער איז געשיקט געװאָרען.

מיט בעסטען דאַנק און פרײנדליכען גרוס,

ל. לעװי, טשערמאַן, סיטי קאָמ. אַ. ר.

---

מיר, די פר. פון בר. 262 אַ. ר., פאַרזאַמעלט באַ אַ גוט־באַזוכטען מיטינג, דריקען אויס אונזער האַרצליכען דאַנק צו אונזער עקס־פינאַנס סעקרעטער, פר. ת. ראָגאָף, פאַר זײן טרײהײט און איבערגעבענהײט צום ברענטש.

פאַר די 7 יאָר װאָס ער איז געװען אין דיזען אַמט האָט ער זעהר פיל גוטעס געטאָן פאַר'ן בר. און מיר האָפען און ערװאַרטען, אַז ער װעט אויך װײטער טאָן נאָר גוטעס פאַר'ן בר.

מ. סילקין, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע דאַנקבאַרקײט צו אונזער געװעזענעם פינאַנס־סעקרעטער, פר. מאיר טענפילד, פאַר זײן ערנסטער, איבערגעבענער און געװיסענהאַפטער אַרבײט אַלס סעקרעטער פאַר די לעצטע דרײ און אַ האַלב יאָר און אויך אַלס טרעזשורער די לעצטע צײט ביז ער האָט באַדאַרפט אָפּפאָרען נאָך באָסטאָן. אַלע מעמבערס פון בר. 457 װינשען אים צו זײן סעקרעטער אין באָסטאָן פון אַ ניו־יאָרקער נײעם בר. אַ. ר.

מיר זײנען שטאָלץ װאָס מיר האָבען אַזעלכע איבערגעגעבענע מעמבערס פאַר'ן אַ. ר.

י. גערבערט, פרעס קאָמ. בר. 457 אַ. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון קיעװער בר. 433 אַ. ר., דריקען אויס אונזער האַרציגען דאַנק אונזער פר. מ. שטײנבערג, פאַר זײן נוצליכער, טרײער אַרבײט אַלס רעקאָרדינג סעקר. פאַר די לעצטע צעהן יאָר. אויך פר. ה. קאַפּלאַן, פאַר זײן איבערגעגעבענער, אומערמידליכער אַרבײט פאַר'ן ברענטש.

י. זוסמאַן, רעק. סעקר.

---

קרעמענטשוגער בר. 641 אַ. ר. פון שיקאַגאָ, דריקט אויס אַ דאַנק צו אַלע געװעזענע בעאַמטע, װי פר. מ. קאַגען, פינ. סעקרעטער, דזש. ראַלסקי, רעק. סעק., ה. מאָשקאָװיטש, האָספּיטאַלער, ל. סיגעל, טרעז., װי אויך צו די באָרד אָף קאַנדידײטס, פאַר זײער גוטער אַרבײט, װאָס זײ האָבען געטאָן פאַר אונזער בר. און מיר האָפען, אַז זײ װעלען אויך װײטער העלפען אין אונזער אַרבײט, פאַר דעם װאָל און בעסטען פון אונזער ברענטש װי פאַר'ן אַ. ר. אין אַלגעמײן.

י. ראָזענפעלד, פינ. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער דאַנק פר. איזידאָר פּינקוס, פאַר זײן אומערמידליכער אַרבײט פון אונזער בר. פאַר די לעצטע 10 יאָר,

ס. בערגער און ס. לעװענבערג, פּיעטרקאָװער בר. 368 אַ. ר,

---

מיר, בר. 522 אַ. ר. אָװ פּאַטאָקעט, סענטראַל פאָלס, דריקען אויס אונזער דאַנק דעם פרײנד שערמאַן פון באָארד אָװ דירעקטאָרס, פאַר זײן אינטערעסאַנטען רעפּאָרט װאָס ער האָט אָפּגעגעבען אויף אונזער מיטינג.

י. פּרוכט, סעקר.

---

אין דעם נאָמען פון דעם סיטי און דיסטריקט קאָמיטע פון אַלע אַ. ר. ברענטשעס אין טאָראָנטאָ, דריק איך אויס אונזער טיפסטען דאַנק און אַנערקענונג צו די פר. ק. סטראוס, מ. לאַנגבערג, און מ. סימקין, פאַר זײער גוטער, איבערגעבענער און אומערמידליכער אַרבײט אַלס הויז און פינאַנס קאָמיטע פאַר די אַ. ר. פרײ שולען אין טאָראָנטאָ.

אויך דריק איך אויס אונזער בעסטען דאַנק צו דער אַראַנדזשמענט קאָמיטע, צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון דער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע פאַר דער אַראַנזשירונג פון די מאַסען־פאַרזאַמלונגען אין טאָראָנטאָ, אין האַמילטאָן און דעם שעהנעם באַנקעט לכבוד פר. באַסקין, דזשענ. סעקר. פון אַ. ר, װען ער איז געװען אין טאָראָנטאָ.

פאַר דער סיטי און דיסטריקט קאָמ.

ה. סטײן, סעקר.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 63 אַ. ר., דריקען אויס אונזער האַרצליכען דאַנק אין אַנערקענונג צו פר. ה. גאָלדשטײן, װעלכער האָט פאַרלאָזען קענזעס סיטי, מיזורי, נאָך דזשאָפּלין, מיזורי, פאַר דער אומערמידליכער און גוטער אַרבײט, װאָס ער האָט געלײסטעט פאַר אונזער ברענטש, זײענדיג האָספּיטאַלער איבער 4 יאָר. מיר באַדויערען זײן אַװעקפאָר און װינשען אים ערפאָלג װאו ער איז.

הענרי שיפּרין, פינ. סעקר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 260 אַ. ר., בעדאַנקען אונזער פינ. סעק. מאַקס סואַפּסקי, פאַר זײן טרײער אַרבײט אין ברענטש פאַר די לעצטע 9 יאָר, און באַדויערען זײער, דאָס צוליב פערזענליכע אורזאַכען איז ער אויף װײטער נישט פאַרבליבען אין זײן אַמט. אויך באַדאַנקען מיר אונזער טרעזשורער פר, א. בעניטאָף פאַר זײן גוטע באַדינונג פאַר די לעצטע 8 יאָר. און פר. א. קאַנטראָװיץ, אַלס פינקליכער פּראָטאָקאָל סעק. פאַר די לעצטע 3 יאָר. מיר װינשען זײ אַלעמען פיל גליק, און מיר האָפען, דאָס יעצט אַלס פלײנע מעמבערס, װעט זײער טעטיגקײט אין ברענטש נישט געמינדערט װערען.

פאַר די עקזעק. קאָמ. פון בר., ל. שװאַרץ, סעק.

# באריכט פון דער קאמיטע פאר א האום אפיס און היים פאר אלטע מעמבערס

ב. לעוויטאן, טשערמאן, נ. פאדניק, סעק., מ. י. אשפיז,
ה. גאלדין, י. קלופט

צו די דעלעגאטען פון דער 21־טער יערליכער קאנווענשאן פון א. ר. און צו אלע מעמבערס:

פריינדע: ביי דער לעצטער קאנווענשאן אין נוארק, איז אנגענומען געווארען א באשלוס צו ערוויילען א קאמיטע פון 5 צו שטודירען און ארייבריינגען צו דער קומענדער קאנווענשאן א פלאן, וועגען בויען א האום־אפיס, און א צווייטען פלאן וועגען דער מעגליכקייט צו שאפען א היים פאר די אלטע מעמבערס פון א. ר.

די קאמיטע האט זיך אינסטאלירט דעם 8־טען יוני 1920, אבער צוליב דעם וואס צוויי פון די ערוויילטע מיטגלידער פון דער קאמיטע, די פריינדע י. קופערמאן און ס. וואלאס, האבען רעזיגנירט, האט אונזער קאמיטע, ווארטענדיג ביז די נאציאנאלע עקז. קאמיטע האט אויסגעפילט די וואקאנסיעס, אנגעפאנגען ריכטיג צו ארבייטען ערשט ארום מיטען נאוועמבער. די נעמען פון די צוויי, וואס האבען אויסגעפילט די וואקאנסיעס, זיינען: נ. פאדניק, בר. 149, און מ. י. אשפיז, בר. 410.

ווען די קאמיטע האט זיך גענומען צו באטראכטען די פראגע וועגען א האום אפיס, איז פאר אונז געווען קלאר, אז מען האט מיט אן אייגענער היים פאר'ן א. ר., ניט געמיינט בלויז צו שאפען א גרויסע שיינע דירה, כדי מען זאל האבען מער פלאץ פאר דעם אפיס, קלוירקס און די דאקומענטען. ניין! ווען דער דזשענעראל אפיס דארף מער פלאץ, איז אן אייגענע היים פיליכט ניט דער בעסטער ענטפער. דארט וואו קאלטע געשעפט אנגעלעגענהייטען ווערען נאר גענומען אין אכט, איז פיליכט פיל פראקטישער און מעגליך זאגאר ביליגער צו בלייבען א טענאנט ביי יענעם. מיט אנדערע ווערטער: אנשטאט צו בויען אן אייגענע געביידע, וואס דארף קאסטען א מאסע געלד און עס דארף דאך אויך אוועקגעלייגט ווערען א גרויסע מאס ענערגיע ביז אזא בנין ווערט אויפגעבויט, איז גלייכער זיך איבערציהען אין א גרעסערען אפיס בילדינג, אויב אין אט דער בילדינג, וואו מיר געפינען זיך יעצט, איז פאר אונז ניטא גענוג פלאץ צו מאכען אונז געראם. אויב דער א. ר. וויל בויען אן אייגענע היים, האט דאס נאר דאן א זין, ווען מען מיינט דערמיט צו באפרידיגען די גייסטיגע פארלאנגען פון דעם א. ר. און זיינע מעמבערס, אזוי גוט ווי די מאטעריעלע.

עס איז געווען א צייט ווען דער א. ר. האט גאר קיין אייגענארטיגע גייסטיגע פארלאנגען ניט געהאט (אויסער די אלגעמיינע סאציאליסטישע פארלאנגען) אדער האט עס געהאט אין א קליינע מאס. דאס איז געווען די יארען פון וואקסען און שטארק ווערען. א קינד ווען עס איז קליין, האט בלויז אדער מערסטענס נאר מאטעריעלע פארלאנגען, אבער וואס עלטער עס ווערט, וואס גרעסער עס וואקסט אויס, אלין מערער און רייפער ווערען ביי אים די גייסטיגע פארלאנגען. דאס זעלבע איז מיט'ן א. ר. מיט יארען צוריק האט דעם ערשטען פלאן ביי אונז פארנומען די פראגע ווי צו מאכען, אז דער א. ר. זאל וואקסען, זיך פארגרעסערען און שטארקער ווערען. ביסלאכווייס זיינען געקומען די גייסטיגע פארלאנגען, און זיי קומען בסדר אלין מער. היינט וועט דער בלויזער פאקט, אז אונזער מעמבערשיפ האט זיך פארגרעסערט, אונז ניט צופרידענשטעלען. מיר שטעלען זיך דריבער יעצט מער אפ אויף די עדיוקיישאן ארבייט, אויף די רעליף ארבייט און געזעלשאפטליכע ארבייט בכלל. אונז אינטערעסירט היינט ניט נאר דער גוף פון א. ר., אבער נאך פיל מער זיין נשמה.

ווען די קאמיטע האט אויפגענומען די פראגע פון א „אייגענע היים" זיינען אלע געווען איינשטימיג, אז אויסער אן אפיס, דארף דער א. ר. אויך בויען אן אודיטאריום, אין וועלכען עס זאלען קענען אריינגעהן ארום צוועלף ביז פופצען הונדערט מענשען און א לייברערי און א רעקריאיישאן רום. דערמיט וואלט אחוץ דעם אפיס, אויך געשאפען געווארען אן אינסטיטושאן, וואס איז אין ניו יארק נויטיג ווי דאס לעבען.

עס איז א פאקט, אז אין ניו יארק פעלט יעצט א צענטער פאר'ן ראדיקאלען געדאנק. צו פארדאנקען די רעאקציע, איז זעהר שווער צו קריגען היינט א גרויסען האל, צו פייערען א וויכטיגען סאציאליסטישען יום־טוב, רופען א פראטעסט־מיטינג א. ז. וו. עס איז נאך פריש דער פאקט, אז מען האט „קופער יוניאן" ניט געקענט קריגען פאר א פארזאמלונג צו פאדערען אמנעסטי פאר דעבס און אלע פאליטישע פריזאנערס. ווען מיר האבען אן אייגענעם גרויסען האל וואלטען מיר פארשפארט געהן צו פרעמדע און ענטזאגט ווערען. אויסער דעם וואלט אט דער אודיטאריום געקענט דינען א גאנץ יאר אלס קולטורעלער צענטער פאר די גייסטיגע און ליטעראַרישע אנטוויקלונג פון די מאסען. ניו יארק איז דער מיטעלפונקט, דער שורש וואס פון אים ציהט זיין ינוקה די אידישע ראדיקאלע באוועגונג איבער'ן גאנצען לאנד. עס איז דארום וויכטיג פאר אלע מעמבערס פון א. ר., אז ניו יארק זאל ניט געשטערט ווערען אויסצוברייטען, פארשטארקערען און פארשעהנערען איר סאציאליסטישע און קולטורעלע טעטיגקייט.

אונזער קאמיטע האט זיך גלייך געשטעלט אין פארבינדונג מיט פר. דרוישפיל, בר. 74, וועלכער איז א אינזשעניער ביי פראפעשאן. ער האט אונז פיל ארויסגעהאלפען, געבענדיג אונז דעם עקספערט אדווייז. מיר האבען זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דער פירמע פריינק און פריינק, מעמבערס פון בר. 28, און שאפירא, פון בר. 2, וועלכע זיינען גרויסע קאנטראקטארס פון בילדינגס. מיר האבען דורך זיי געזוכט צו קריגען אינפארמיישאן וועגען די קאסטען אויפצובויען אזא בילדינג. צוערשט איז געווען נויטיג צו מאכען א פלאן פאר אזא בילדינג און די ברידער פריינק האבען דורך זייער ארכיטעקט אונז געגעבען די מעגליכקייט צו לאזען מאכען אן אלגעמיינעם פלאן (ראוף דרעפט) פאר א קליינע סומע געלד. נאכדעם ווי דער פלאן איז געווען פארטיג קען מען מער באשטימט געבען אן עסטימייט, וואס דאס אויפבויען פון אזא בילדינג דארף קאסטען.

מיר האבען ערווארטעט צו האבען דעם עסטימייט עס זאל קענען אריינגעהן אין אונזער קאנווענשאן רעפארט. לײדער האט דער קאנטראקטאר ניט געקענט עס מאכען פארטיג אין צייט און ניט קענענדיג זיך העלפען, וועלען מיר דעם עסטימייט באריכטען מינדליך צום קאנווענשאן דורך אונזער דעלעגאט.

## מיטינג רומס

גלייך מיט דער פראגע פון אן אייגענע היים, איז פאר אונז געשטאנען די פראגע צי איז פיליכט ניט פראקטיש, אז מען בויט שוין יא, צו בויען נאך א צוויי־דריי פלארס און האבען מיטינג־רומס פאר די ברענטשעס. די פראגע איז ארויסגעשוואומען דערפאר, ווייל אין ניו יארק הערשט א דוחק אין מיטינג לאקאלס, און די ברענטשעס וועלכע מיטען דאונטאון האבען גרויסע שוועריגקייטען צו קריגען פאסיגע פלעצער פאר זייערע מיטינגען.

עס איז נויטיג געווען צו וויסען אפריער פיל עס באטרעפט די סומע וואס די ברענטשעס צאלען פאר מיטינג לאקאלס. מיר האבען ארויסגעשיקט א ספעציעלע אנפראג פאסטאל־קארד צו אלע סעקרעטערע פון די דאונטאון ברענטשעס. פון די 194 ברענטשעס האבען מיר ערהאלטען ארום 125 אנטווארטען אין די סומע, פון די ברענטשעס וואס האבען געענטפערט האט באטראפען ארום 11 טויזענד דאלאר, וואס דאס מיינט, אז דער סךהכל פאר אלע דאון טאון ברענטשעס (צוזאמען מיט די וואס האבען ניט געענטפערט) איז פון ארום 15 ביז 16 טויזענד דאלאר.

מיר האבען דאן, מיט דער ערלויבניש פון דער עקז. גערופען א קאנפערענץ פון אלע ברענטשעס און הערען זייער מיינונג וועגען בויען ספעציעלע פלארס פאר מיטינג לאקאלס.

די ברענטשעס האבען ווארים אפגעענטפערט אונזער רוף. דער סענטימענט פון די דעלעגאטען איז געווען פאר מיטינג לאקאלס. מיר באריכטען עס צום קאנווענשאן כדי די דעלעגאטען זאלען וויסען גענוי די שטימונג וואס עס הערשט אין די ניו יארקער ברענטשעס וועגען אט דער פראגע.

### אונזער דזשאינט מיטינג מיט דער נאצ. עקז. קאמ.

מיר האבען געהאט א דזשאינט מיטינג מיט דער נאצ. עקז. קאמ., צו וועלכער מיר האבען פארגעלייגט אונזערע פלענער און אונזערע רעקאמענדיישאנס. די נאצ. עקז. קאמ. האט נאך א לענגערע דעבאטע, גוטגעהייסען צו רעקאמענדירען צו דער קאנווענשאן צו בויען א האום אפיס מיט אן אודיטאריום. די נאצ. עקז. קאמ. איז ניט געווען איינשטימיג, אז מען דארף אויך בויען מיטינג לאקאלס פאר די ברענטשעס. דאס איז דער איינדרוק וואס מיר האבען ארויסבאקומען פון די דעבאטען.

מיר זיינען ניט דערפאר, אז מען מוז האבען מיטינג לאקאלס, אבער מיר זיינען ניט איינשטימיג מיט דער עקז. קאמ. און איר ענטשידענע געגנערשאפט. מען קען אט די פראגע מיט'ן האנט אין גאנצען ניט אוועקמאכען. דער מאנגעל אין מיטינג רומס איז א פאקט וואס מען מוז זיך דערמיט רעכענען, און הגם, מיר קענען עס ניט מאכען פאר קיין אפיציעלע רעקאמענדיישאן פון אונזער קאמיטע, נאכדעם ווי די עקז. קאמ., ביים דזשאינט מיטינג וואס מיר האבען מיט זיי געהאט, האט זיך ארויסגעזאגט געגען, איז עס דאך אונזער איבערצייגונג, דאס אויך עס וועט געשאפען ווערען א שטארקער סענטימענט און א פאדערונג, אז ביין בויען א האום אפיס זאל מען אויך בויען פלארס פאר מיטינג לאקאלס און די ברענטשעס פון ניו יארק וועלען זיין צופרידען צו שאפען דורך אן עקסטרא טעקס די סומע וואס עס דארף עקסטרא קאסטען כדי צו בויען פלארס פאר מיטינג לאקאלס, וועט מען מיט אט דעם פארלאנג זיך מוזען רעכענען. דער א. ר. קען ניט בויען קיין צוויי באזונדערע בילדינגס, און אויב יא בויען, דאן איז וויכטיג אויך צופרידענצושטעלען די נויטען פון די ברענטשעס צוגלייך מיט די נויטען פון דעם דזשענעראל אפיס.

## נומער צוויי, א היים פאַר אַלטע מעמבערם

אונזער קאָמיטע האָט אויך באַטראַכט די פראַגע וועגען אַ היים פאַר אַלטע מעמבערם. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דערמיט וואָס די פאַריגע קאָנווענשאָן האָט „באַשלאָסען, אַז דער אַ. ר. זאָל בויען אַ היים פאַר אַלטע מעמבערם", איז ניט געמיינט געוואָרען, אַז מיר דאַרפען און קענען גלייך זיך נעמען צו דער אַרבייט. די קאָנווענשאָן האָט גאַנץ גוט געוואוסט, (1) אַז די פראַגע איז היינט נאָך ניט ברענענד און מען קען נאָך וואַרטען מיט די איינפירונג פון אַזאַ אינסטיטושאָן אַ צען אָדער פופצען יאָר; (2) אַז דאָס איז אַ ריעזיגע אונטערנעמונג און אַן אונגעהייערע לאַסט וואָס דער אַ. ר. דאַרף פריער גוט דורכטראַכטען, שטודירען און נאָכדענקען ביז ער קען אַליין, מיט די אייגענע כּוחות, אָהן טשאַריטי, אויפבויען און אויפהאַלטען אַזאַ גראַנדיעזע אינסטיטושאָן.

פון דער אַנדערער זייט ווידער איז קלאָר, אַז אום דער אַ. ר. וויל באמת עפּעס טאָן און אָט דער פראַגע און געבען אַן ענטפער אויף'ן „אל תשליכני לעת זקנה", מוז מען באַצייטענס אָנפאַנגען זאַמלען דערויף אַ פאָנד כּדי, ווען די צייט וועט קומען, זאָלען מיר שוין האָבען געשאַפען אַ „קרן היסוד", וואָס זאָל לייכטער מאַכען פאַר אונז אויפצוהאַלטען אָט די אינסטיטושאָן.

פאַר דער קאָמיטע איז געווען וויכטיג, צוערשט אויסצוגעפינען וואָס אַן ערך עס קאָסט די אויפבויאונג און אויפהאַלטונג פון אַזאַ אינסטיטושאָן.

מיר האָבען געשיקט אַ קאָמיטע צו באַזוכען די נייע האָום אָוו די דאָטערס אָוו דזשייקאָבס. דער סופּעראינטענדענט, מר. אַלבערט קרוגער, האָט אונזער קאָמיטע זעהר העפליך אויפגענומען און מיט פאַרגעניגען אונז געגעבען אַלע אינפאָרמיישאָנס וואָס מיר האָבען פאַרלאַנגט. מיר האָבען אויסגעפונען, אַז די אינסטיטושאָן האָט געקאָסט אויפצובויען — צוזאַמען מיט'ן פּלאַץ — אַ קיילעכדיגען מיליאָן דאָלאַר, און יעצט געפינען זיך דאָרט אַרום 350 אַלטע לייט און די קאָסטען זיינען אַרום 2 דאָלאַר אַ טאָג פער מאַן. דאָס הייסט, אַז עס קאָסט אַרום אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר אויסצוהאַלטען אָט די אינסטיטוציע.

איצט, אַז מיר האָבען אַ באַגריף וויפיל עס קאָסט אַזאַ אינסטיטושאָן אויפצוהאַלטען, שטעלט זיך די פראַגע פיל אַלטע לייט אַן ערך, וועלען מיר, לויט די ציפערן פון „אַמעריקאַן מאָרטאַליטי טייבעל", האָבען אין אַ צען אָדער פופצען יאָר אַרום? דער אָפּיס האָט גענומען די צאָל אַלטע מעמבערס פון 45 יאָר און העכער, וואָס זיינען אַזוי אַלט געווען לויט די רעקאָרדס פון אונזער וואַליוּאיישאָן פון דעם יאָר 1919, און אַזוי נאָך אויסגערעכענט וויפיל אַלטע מעמבערס אין עלטער פון 65 יאָר און העכער, קענען מיר ערוואַרטען צו האָבען אין צען, פופצען און צוואַנציג יאָר אַרום.

דער אָפּיס האָט פאַרפערטיגט אַ ספּעציעלע טאַבעלע פון אַלע מעמבערס וואָס וועלען אַלט זיין פון 65 ביז 75 יאָר, אין 10 יאָר אַרום, נעמליך, 1930, ביז 20 יאָר אַרום — 1940. אויס מאַנגעל אין פּלאַץ קען די טאַבעלע ניט אַריין אין דעם נומער, אָבער לויט דעם סך הכל, ווען מיר צוטיילען די אַלטע מעמבערס אין צוויי קלאַסען: די ערשטע פון 65 ביז 69 יאָר און די צווייטע פון 70 ביז 75 יאָר, וועלען מיר אין 1930 האָבען אַרום 154 מעמבערס פון ערשטען קלאַס און 5 מעמבערס פון צווייטען קלאַס: צוזאַמען — 159 מעמבערס; אין 1935 וועלען מיר האָבען 810 מעמבערס פון ערשטען קלאַס און 121 מעמבערס פון צווייטען קלאַס, צוזאַמען 931 מעמבערס; אין 1940 וועלען מיר האָבען 2,559 מעמבערס פון ערשטען קלאַס און 675 מעמבערס פון צווייטען קלאַס, — צוזאַמען 3,234 מעמבערס. (דערצו דאַרפען נאָך צוגערעכענט ווערען פרויען, ווייל פילע מעמבערס באַלאַנגען אין אַ. ר. אַליין, מיט די פרויען וועט די צאַל זיין נאָך פיל גרעסער.)

[illegible]

אַז דער אַ. ר. זאָל זיין בכוח צו בויען אַ היים און באַזאָרגען אַלע אַלטע מעמבערס. נאַטירליך ווייסען מיר, אַז ניט אַלע אַלטע מעמבערס וועלען זיין אין אַ לאַגע צו דאַרפען אָנקומען אין אונזער האָום. אָבער מיר האָבען דאָך שוין ערפאַרונג געהאַט מיט'ן „אָלד איידזש פאָנד", אַז דער אינשורענס קאָמישאָנער האָט ניט געלאָזען איינפירען אַ בענעפיט, צו וועלכען ניט יעדער מעמבער וועט זיין באַרעכטיגט. יעצט איז די פראַגע, צי קען דער אַ. ר. זיין ביכולת צו געבען אָט דעם בענעפיט צו יעדען אַלטען מעמבער וואָס וועט עס פאַרלאַנגען? עס איז דאָ ניט די פראַגע וואָס אַזאַ בענעפיט איז פיליכט די וויכטיגסטע און נויטווענדיגסטע וואָס דער אַ. ר. קען איינפירען, און אַז דאָס וואָלט דעם אַ. ר. געגעבען דעם גרעסטען פּרעסטיזש, נאָר צי קען די מעמבערשיפּ און צי איז זי וויליג, זיך אונטערצונעמען אַזאַ גרויסע, שווערע (הגם זעהר שיינע) אינסטיטושאָן אויפבויען?

מיר האָבען אויך אָט די פראַגע באַשפּראָכען ביים אויבענדערמאָנטען קאָנפערענץ וואָס מיר האָבען איינבערופען פון די ניו יאָרקער ברענטשעס. נאַטירליך, זיינען די אַנוועזענדע געווען באַגייסטערט פאַר אַ היים פאַר אַלטע לייט, אָבער באַגאַסטערונג אַליין איז ניט קיין ענטפער אויף דער פראַגע וואָס מיר רירען דאָ אָן. מיר ווילען זיך זעלבסט ניט נאַרען. מיר ווייסען, אַז ווען עס וועט קומען צו די פאַקטעס וועט אַ גרויסע טייל פון די באַגייסטערונג ווערען אָפּגעקילט.

נעמענדיג די אַלע זאַכען אין אַכט, איז דעריבער אונזער רעקאָמענדיישאָן, אַז אָט די פראַגע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער קומענדער נאַצ. קאָמ., וועלכע זאָל די פראַגע גוט שטודירען, סיי פון דעם געזעצליכען, סיי פון דעם פּראַקטישען שטאַנדפּונקט, און זאָל צו דער נעכסטער קאָנווענשאָן אַריינברינגען אַן אויספירליכען באַריכט וועגען דער מעגליכקייט, געזעצליכקייט און פּראַקטישע פאָרם פון די איינפירונג פון אַזאַ אינסטיטושאָן, און צו וועלכען עלטער מען זאָל מעמבערס אַריינגעמען. פון די ביסעלע ערפאַרונג וואָס מיר האָבען געקראָגען, שיינט עס אונז, אַז 65 יאָר איז אַ צו פריער עלטער אָנצופאַנגען. איינפאַך דערפאַר, ווייל דעם אַ. ר. וועט בשום אופן ניט מעגליך זיין צו שאַפען די ריזיגע סומען וואָס די איינפירונג פון אַזאַ בענעפיט דאַרף קאָסטען. עס דאַרף אויך דערביי גענומען ווערען אין אַכט די לעבענס פעהיגקייט פון די אַלטע מעמבערס. דאָס איז דאָך ניט קיין בענעפיט פאַר אַ געוויסען טערמין, ווי צום ביישפּיל, סאַניטאַריום בענעפיט, וואָס איז נאָר פאַר 9 מאָנאַטען, עס איז אַ בענעפיט פאַר'ן גאַנצען לעבען און דער דורכשניטליכער לעבענס-פעהיגקייט פון אַ 70-יאָריגען מאַן, לויט דעם אַמעריקאַן טייבעל אָוו מאָרטאַליטי איז פון 8 ביז 9 יאָר.

### שלום-וואָרט

צום שלום וועלען מיר באַדאַנקען די דעלעגאַטען און די אַלגעמיינע מעמבערשיפּ פאַר דער עהרע און צוטרוי וואָס זיי האָבען אונז געשאַנקען דעם גאַנצען יאָר און דעם וואַרימען אינטערעס וואָס די ברענטשעס און די מעמבערס האָבען גענומען, ענטפערענדיג ווי געהעריג אויף אונזער רוף צום קאָנפערענץ.

מיר פאַרזיכערען אייך, אַז מיר האָבען די פראַגע ערענסט און אויפריכטיג שטודירט, און מיר האָפען, אַז אונזערע פּלענער וואָס זיינען פאַר די בעסטע אינטערעסען פון אַ. ר., וועלען אָנגענומען ווערען ביי דער 21טער קאָנווענשאָן, און די קאָנווענשאָן וועט אויך שאַפען די נויטיגע מיטלען וואָס זאָל מעגליך מאַכען די פּלענער דורכצופירען.

ווינשענדיג אייך סוקסעס און פרוכטבאַרע אַרבייט, פאַרבלייבען מיר, מיט פריינדליכען גרוס,

די קאָמיטע פאַר אַ האָום אָפּיס און היים פאַר אַלטע מעמבערס.

## באַריכט פון האַמסטעדער בר. 662 אַ.-ר.

עס איז ווירקליך צו באַוואונדערן ווי וואַרים און ענטוזיאַסטיש אונזערע מעמבערס האָבען זיך אָפּגערופען צו דער אידעע פון מאַכען אַן אַרבייטער-רינג ברענטש אין האַמסטעד. זיי האָבען זיך גאָר פאַרגעסען, אַז זיי זיינען ניט קיין אַרבייטער אין געוויינליכען זין פון וואָרט, אָבער זיי האָבען אויך ניט אַרויסגעשטעלט זייער גרויסקייט דערמיט, וואָס זיי זיינען געשעפטסלייט פאַר זיך, נאָר עס האָט זיך אין זיי פּלוצלונג דערוועקט דער געדאַנק פון פאַרשפּרייטען ליכט און פרייהייט — אַ געדאַנק, מיט וועלכען אַ סך פון אונז האָבען מיטגענומען פון דער אַלטער היים און געבראַכט אַהער אין דער פרייער לאַנד, און געהאַלטען יאָרען לאַנג אַלס אַ טייערן אָנדענקען פון די צייטען, אין וועלכע זיי האָבען געמוזט קעמפען פאַר זייער פרייהייט.

אונזער ברענטש איז נאָך יונג, אָבער מעכטיג, ווייל אונזערע מעמבערס פאַרשטעהן די באַדייטונג און די וויכטיגקייט פון אַזאַ ברענטש, און זיי וועלען זעהן, אַז ער זאָל זיך האַלטען אויף זיין שטאַרקען פונדאַמענט.

און די וואָס זאָגען, אַז דער אַרבייטער-רינג איז אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע און דערפאַר ווילען זיי צו איהם ניט באַלאַנגען, וועלען מיר מיט דער צייט זיי געבען צו פאַרשטעהן, אַז דיזע פּאַרטיי איז די אמת'ע מענשליכע, וועלכע קעמפט פאַר זייער רעכט און פרייהייט אַזוי גוט ווי פאַר די וואָס זיינען שוין אין איר, און אַלס מענשען מיט אַ געזונטען פאַרשטאַנד און געפיל דאַרפען זיי באַלאַנגען צום אַרבייטער-רינג, ווייל דער אַ.-ר. איז אַ הילף פאַר די נויטבאַדירפטיגע און אַ קוואַל פון וויסענשאַפט פאַר די דאַרשטיגע נאָך וויסענשאַפט.

לאָמיר שטעהן אינאיינעם, פריינדע, ווייל אין איינינגקייט איז אונזער מאַכט.

דער האַמסטעד בראַנ. בר. 662 אַ.-ר.
מאיר לעווין, רעק. סעק.

ביי אונזער לעצטען מיטינג דעם 1טען אַפּריל, האָבען מיר באַשלאָסען איינשטימיג צו רעקאָמענדירען צו אונזער נעקסטער קאָנווענשאָן, זי זאָל באַשליסען צו העכערען דעם קראַנקען בענעפיט פון 6 אויף 9 דאָלאַר אַ וואָך. מיר דענקען, דאָס פאַר יעדען מעמבערס אינטערעס איז דאָס דער בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען און יעדער מעמבער וועט זיין צופרידען צאָלען איינינגע סענט אַ קוואָרטאַל מער.

פאַר בר. 250 אַ. ר., אַ. סטיינזואר, סעק.

# טרויער רעזאָלוציעס

## א צואה פון א אידישער טאָכטער

(די פאָרליגענדע צואה איז ניט קיין בעלעטריסטיק, ניט קיין אויסגעטראכטער דאָקומענט. זי איז אָן אפשריפט פון אַן אמת'ער צואה און איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר דער נשמה פון א אידישער טאָכטער.—רעד.)

אָקט. 28, 1918.

אַנטקעגנען מיר זיצט מיין ליבע זיסע לילעלע מיט איהר הארציגען שמייכעל אויף אירע רויטע גוטע ליפּעלאך; פאר מיינע אויגען שוועבט די געשטאַלט פון דיר, טייערער, און אַלעס גוטעס פאַרקערפּערענדיגער יחיאל. א דאַנק פאר די פילע גליקליכע מאָמענטען, גוטע טעג, מאָנאטען און יאָרען, וואָס דו האָסט מיר געגעבען.

געוויס, געוויס ווילט זיך מיט אַזעלכע צוויי נשמות ניט שיידען... ווי אויך מיט די פילע גוטע פריינד און באַקאַנטע. שוין ניט רעדענדיג וועגען אונזערע מאַרטירער עלטערן, פון וועלכע מיר ווייסען ניט, אויב זיי ליידען און שמאַכטען ערגעץ, אָדער?...

ווי שוין געזאָגט, עס וואָלט זיך געוואָלט לאַנג לעבען, אָבער צוהערענדיג זיך צו דעם טרויעריגען וואָס קומט יעצט פאָר, צוהערענדיג זיך צו די קלעפּ פון מיין הארצען, צו די פילע שלאָפלאָזע נעכט, ווייס איך ניט, צי איך וויל עס. געוויינליך, איך האָף, אַז ערשט אין יאָרען שפּעטער זאָל איך דאַרפען זאָגען דאָס, וואָס איך וויל יעצט זאָגען. אָבער אַזוי ווי איך ווייס ניט, ווען דער מאָרגען וועט זיין, וויל איך דיר בעטען, טייערער, ליבער יחיאל, זיי א גוטער איבערגעבענער פאָטער צו אונזער קליינער ליליען. זיי ניט ערגער, ווי דו ביזט עס ביז יעצט געוועזן. דאָס בעט איך דיך מיט טרערען אין מיינע אויגען, מיט א קלאַפּענדען הארץ און ציטערנדע הענט.

צווייטענס, מיינע אַלע זאַכען, וואָס איך פאַרמאָג, זאָלסטו מאַכען צו געלד, און אויב דו וועסט אויסגעפינען, אַז אונזערע עלטערן נויטיגען זיך אין דעם זאָלסטו זיי אַלץ אַפּשיקען. אויב עס איז שוין צו שפּעט, זאָלסטו מיינע אַלע זאַכען אַפּגעבען צו אַזוינע, וואָס נויטיגען זיך אין דעם. די פינסטערע מלחמה האָט, א דאַנק גאָט, פילע אונגליקליכע פאַרמערט... זאָלען אָרימע נויטליידענדע מיך כאָטש געדענקען, ווייל ביים לעבען בין איך געוועזען א בייזע, א שלעכטע, מיינע טאַנצענדע נערוועז האָבען מיך פון אַלץ אַפּגעריסען. איך בעט דיך, גוטער יחיאל, האַלט מיין פאַרלאַנג הייליג!

מיינע $200 פון אַרבייטער רינג וואָלט איך פאַרלאַנגט עס זאָל זיין פאר לילינקען. לעג עס אַוועק אין די בייַנק אויף איר נאָמען. ווען זי וועט אויסוואַקסען, זיין א שיינע, גרויסע מיידעל. זאָל זי האָבען אַן אָנדיינקונג, אַז אַמאָל האָט געלעבט איר מאַמע, וואָס האָט געליטען און זי געליבט מער ווי אַלץ אין דער וועלט.

איך גלויב, אַז געזעצליך בין איך צו דעם באַרעכטיגט, ווייל איך בין געוואָרען א מעמבער אין אַרבייטער רינג נאָך בעפאָר איך האָב געזעצליך, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, באַלאַנגט צו דיר.

אונטערשריבען פון

זעלדע ספּעקטאָר.

(די אונטערשריפט איז אין ענגליש.)

נאָך דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, — זאָגען אַלעס איז אוממעגליך, — האָף איך דאָך נאָך צו לעבען מיט אייך אַלעמען צוזאַמען פילע גליקליכע יאָרען. האָף צו דערלעבען, ווען די שרעקליכע צייט פון מיין קראַנקהייט צוזאַמען מיט דער מלחמה וועט פאַרשווינדען אויף אייביג און מענשען זאָלען לעבען פרייער, גליקליכער און געזונטער.

דיין זעלדע.

דאָס אָנגעשריבען איז מיר אַראָפּ א שטיין פון האַרצען...

דזשון 16, 1919.

מיינע אַלע טייערע, באַזונדערס, דו, טייערער יחיאל און לילינקע! דיר, יחיאל, וואָס טוט אַלץ וואָס אין קראַפט איז מיך צו ראַטעווען, דאַנק איך פון טיפען האַרצען. היינט נאָך דינער, גייה איך אין האָספּיטאַל, האָף געוויינליך צו קומען צו אייך, מיינע ליבע, צוריק און פאַרזעצען פילע גליקליכע יאָרען צוזאַמען, אָבער עס איז א גרויסער „טאָמער"!

דאַן בעט איך דיך, ערפיל מיין פאַרלאַנג פון דעם 28טען אָקט. 1918.

איך ווידערהאָל, אַז אַלע מיינע זאַכען „מיט'ע", צו וועלכע איך בין בארעכטיגט, זאָל מען אַפּשיקען פאר די הונגעריגע און אונגליקליכע אויף יענער זייט ים. אויסער איינינעס, וואָס איך וויל עס זאָל בלייבען פאר מיין איינציג קינד, ווען זי וועט אויסוואַקסען, זיין גרויס, זאָל זי וויסען, אַז מיט יאָרען צוריק האָט א מאַמעס האַרץ שטאַרק פאר איר געקלאַפּט; ענטשולדיג, ליבער יחיאל, וואָס צו דיר זאָג איך אַזוי ווענוג, איך קען ניט. מיין האַרץ בלוטעט אין שמערץ... אייערע אַלעמענס.

זעלדע.

בלויז צוויי ווערטער פון דעם, צו ווען דאָס איז געשריבען.

אַט די זעלטענע נשמה, אַט די טייערע אידישע טאָכטער, וועלכע האָט אַזוי טיעף געליבט און געליטען, איז געשטאָרבען אין עלטער פון 32 יאָר, דעם 2טען סעפּטעמבער 1920. גענויע צוויי יאָר נאָכ'ן שרייבען איר צואה.

איך האָב די צואה געפונען, געלעזען און דורכגעפירט.

יחיאל ספּעקטאָר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 430 א. ר.; דריקען אויס אונזער טיעפסטען באַדויערען און שמערץ צו אונזער פריינד ל. לעווין, אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין געליבטעס קינד סידני. אונזער טרייסט און סימפּאַטי צו דער גאַנצער פאַמיליע.

מ. הענקין און י. גאָלדמאַן, פּרעס קאָם.

---

מיט טיפען טרויער און שמערץ באַדויערט בר. 11 א. ר., דעם פאַרלוסט פון זיינע טעטיגסטע מיטגלידער, פּר. פּיטער וואָלטשינסקי, וואָס איז געוועזן דער אויפבוער פון דער בראָנזווילער א. ר. שול. עהרע זיין אָנדענקען.

י. וואָולפּאָוו, פין. סעק.

---

מיט טיפען טרויער באַדויערן מיר דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פּר. דזשייקאָב ראָזען, געשטאָרבען אין עלטער פון 30 יאָר. צו דער זעלבער צייט דריקען מיר אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטי צו דער פאַמיליע און פּר. פון פאַרשטאָרבענעם.

י. בראָנשטיין, סעק., בר. 40 א. ר.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 214 א. ר., שיקען אונזער טרייסט־וואָרט צו אונזער מעמבער בענזשאַמען און פרוי נאָכ'ן פאַרלוסט פון זייער קינד.
זייט געטרייסט פאַמיליע בעלסאָן.

ש. הורוויטש, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון אולאַנאָווער י. ס., בר. 148 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און מיטלייד צו אונזער ליבען פּר. לואיס רינגלער, אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין געליבטער פרוי קלאַרא. גלייכצייטיג דריקען מיר אויס אונזער מיטגעפיל צו פּר. לואיס פרידמאַן אויף דעם פאַרלוסט פון זיין געליבטע שוועסטער.

סעם ספּרונג, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 136 א. ר. דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און מיטלייד צו אונזער ליבען פּר. עזרא גאָלדמאַן, אויף דעם פריצייטיגען פאַרלוסט פון זיין געליבטע פרוי.

מאַקס וואַלדמאַן, האָספּ.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 139 א. ר., באַדויערן דעם טויט פון דער פרוי פון אונזער מעמבער, באַרנעט געלפער, און דריקען אויס די טיפסטע סימפּאַטי.

מ. עסקין, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 581 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און מיטלייד צו אונזער מעמבער און פּר. דזשייקאָב שקלאַרקאָוויטש, אויף זיין גרויסען פאַרלוסט פון זיין גיינצען יאָריגער טאָכטער. עהרע איר אָנדענקען!

מ. ליבערמאַן, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 414 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באַדויערען אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פּר. און מעמבער, פיליפּ לאַווענטאַל, וועלכער איז דערהרג'עט געוואָרען מאַרטש דעם 20טען. עהרע זיין אָנדענקען. אונזער טיפסטע סימפּאַטי צו זיין יונגער אלמנה און קינד און אויך צו זיין אַלטער מוטער.

ל. בעלינקאָוו, פין. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און טיפסטען מיטלייד צו אונזער גוטען פריינד דזשייקאָב נאַדעל און פאַמיליע, אויף דעם פּלוצלונגען פריצייטיגען טויט פון זייער ליבע טאָכטער איידא נאַדעל. עהרע איר אָנדענקונג.

לוצקער בר. 583 א. ר., מ. מאַטהיום, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און טיפסטען מיטגעפיל צו אונזער פּר. מאיר כאַנאַצקי און פאַמיליע, אויף דעם פּלוצלונגען פריצייטיגען טויט פון זיין ליבע טאָכטער איוואַ כאַנאַצקי. עהרע איר אָנדענקונג.

טאַמאַשאָווער בר. 106 א. ר.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 192, פילען מיט און באַדויערען דעם פאַרלוסט פון דעם 4־יאָריגען זון פון אונזער פּר. סאַל אַלדבוש.

בר. 192 א. ר., באַפלאָ.

---

מיר דריקען אויס דעם טיפסטען טרויער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מעמבער נייטען פלענטצער.

ספּעשעל עקז. בר. 584.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 15 א. ר., דריקען אויס דעם טיפסטען טרויער און באַדויערען אויף דעם פריצייטיגען און אונערוואַרטעטען טויט פון אונזער פּר. י. גאָלדשטיין. אויך דריקען מיר אויס אונזער פולע סימפּאַטי צו זיין יונגער אלמנה און קינדער און אויך צו זיין גאַנצער משפחה.

א. גרינבערג, סעק. בר. 15 א. ר., האַרטפאָרד.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 418 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפען טרויער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פּר. ש. שאַנסקי, געשטאָרבען אין דער עלטער פון 42 יאָר. מיר דריקען אויס א נוער סימפּאַטי צו זיין פרוי און פאַמיליע. עהרע זיין אָנדענקונג.

טאָראָנטאָ בר. 418, קאַמינסקי, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 8 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטי צו אונזער פּר. אייזיק קראַסקין, און זיין פאַמיליע אויף דעם פאַרלוסט פון זיין פרוי און מעמבער פון אונזער ברענטש, ליבא קראַסקין. עהרע איר אָנדענקונג.

א. שטיינבערג, סעק. בר. 8.

טיקע צייטן אזא מטמון, אז דער קראנקער פריינד זאָל שוין קענען איינליגן אויפ'ן קישן מיט א רואיקן קאָפּ, אָבער צוזאמען מיט דעם קראנקן־בענעפיט פון ברענטש גופא — און די גרעסטע צאָל ברענטשעס האָבן דאָך א ספּעציעלן לאָקאלן בענעפיט — מאכט דאָס שוין פיל, פיל גרינגער די באַזאָרגטע קאָפּ פון אונזער קראנקן פריינד.

עס פארשטייט זיך, אז צוליב דעם מוז געהעכערט ווערן דער קראנקן־בענעפיט־אסעסמענט. עס וועט נאָר איבערבלייבן צו זען, צי די געהעכערטע 15 סענט וועלן קענען דעקן אזא פארגרעסערונג פון בענעפיט. דער פאקט, וואָס מיר האָבן א היבשן סורפּלוס אין דעם פאָנד, וועט, דוכט זיך, פאר דעם קומענדן יאָר ניט ברענגען אונזער בענעפיט קאָמיטע צו א שווערער פּראָבלעם.

**2) אויסארבעטן א פּלאן צו דער נעקסטער קאָנווענשן, ווי צו העלפן אונזערע עקס־פּאציענטן פון סאניטאריום, אז זיי זאָלן זיך ניט דארפן אומקערן צוריק אין די שעפּער.**

מער האָט מען דערווייל באמת ניט געקענט באשליסן. די פראגע פאָדערט א גרינדלאכן שטודיום. מיט'ן אָננעמען אין איילעניש א פּלאן וואָלטן מיר קיין גוטס אונזערע עקס־פּאציענטן ניט געטאָן. עס איז ניט קיין וועג פאר אן ארבעטער־אָרגאניזאציע צו באַזאָרגן אירע מיטגלידער מיט אן אומפּראָדוקטיווער באשעפטיגונג. ניט דאָס איז איר אויפגאבע, ניט דאָס איז א זיכערער באָדן. עס וועט אונז אויסקומען צו שאפן ט גרינגע, אומשעדלאכע, סאניטארע אינדוסטריע, וואו אונזערע אָפּגעשוואכטע פריינד זאָלן פון איין זייט פארדינען בכבוד זייער ברויט און פון דער צווייטער זייט זאָלן זיי ניט זיין אונטערוואָרפן אונטער דעם פאָרמאנס בייטש פון א פּריוואטער אונטערנעמונג. דאָס וועט דארפן זיין אן א. ר. קאָאָפּעראטיווע אויף א קאָלאָסאלן מאסשטאב.

די רעדאקציע פון „פריינד" לאדעט איין אלע אונזערע מיטגלידער צו העלפן אונזערע פארוואלטענדע קאָמיטעס מיט זייערע פּלענער. מיר ווילן עס אין א פארקירצטער פאָרם דרוקן אין די נעקסטע נומערן פון „פריינד".

**3) מאניפעסט פאר די נעשטראָכענע אין די לעצטע דריי יאָר.**

עס זיינען לײדער ביי אונז געווען גענוג לייכטזיניקע מיטגלידער, וואָס האָבן געדענקט, אז די יאָרן פון פּראָספּעריטעט וועלן שוין אָנהאלטן אויף שטענדיק און עס איז זיי אויסגעקומען, אז דער א. ר., וואָס האָט זיך אָרגאניזירט פאר געגנזייטיקער הילף אין צייט פון נויט, איז שוין יעצט איבעריק. — „וואָס פאר א ראָלע שפּילן עס 6 דאָלער א וואָך קראנקן־בענעפיט, ווען אן ארבעטער מאכט זיינע 60 און 70 דאָלער א וואָך!" — יעצט אָבער, אז עס איז שוין פארביינעגאנגען א שארפער קריזיס־יאָר און די זיבן מאָגערע קי האָבן שוין איינגעשלונגען די זיבן פעטע, יעצט זעהען זיי שוין איין זייער פעלער. אָבער וואָס קענען זיי טאָן? זיי זיינען ניט אימשטאנד צו צאָלן די חובות, וואָס זיי קומען צו די ברענטשעס. דאָס ביסל אָנגעקליבענע געלט איז שוין אויפגעגעסן געוואָרן. אין ארבעט איז דאָך דא אזוי ווייניק, און די פארדינסטן זיינען דאָך אזוי קלעגלאך!

די קאָנווענשן האָט דעריבער זעהר גוט געטאָן וואָס זי האָט אָנגענומען די רעקאָמענדאציע פון דער אָרגאניזאציאָנס־קאָמיטע אריינצונעמען אלע געשטראָכענע מיטגלידער און באפרייען זיי פון די ברענטש חובות (אויסער פון שטראָפן און הלוואות). אונזערע פריינד זיינען שוין גענוג געשטראָפט געוואָרן, וואָס זיי האָבן זיך אזוי ביטער אָפּגענארט.

4) די העכערונגען אין די אסעסמענטס פאר דעם אדמיניסטראציאָנס־פאָנד, אָרגאניזאציאָנס־פאָנד, עדיוקיישאָנאל־פאָנד און שול־פאָנד זיינען געווען אומבאדינגט נייטיק צוליב די גרויסע דעפיציטן, וואָס די דערמאָנטע פאָנדן (מיט'ן אויסנאם פון שול־פאָנד) האָבן געהאט פון לעצטן יאָר. פון די אלע העכערונגען ווערן, אמת, די בילס ניט קלענער. דאָס זיינען אָבער אומבאדייטנדע העכערונגען אין פארגלייך מיט די, וואָס די אנדערע אָרדנס זיינען געווען געצוואונגען איינצופירן. דערווייל האָט די באָסטאָנער קאָנווענשן פארזיכערט דעם ווייטערדיקן נאָרמאלן אנטוויקלונגס־גאנג פון אונזער אָרגאניזאציע.

אין סך־הכל גענומען איז די קאָנווענשן אין זינען פון אויפטואונגען ניט אָפּגעשטאנען פון די פריערדיקע, און אויב מיר געדענקען נאָך, אז אויף איר איז פארגעקומען די געזעצלאכע פארייניגונג מיט'ן לייבאָר־ליג, א גאנץ באדייטנדע היסטאָרישע פאסירונג אין א. ר., מוזן מיר אויך די 21־טע באָסטאָנער קאָנווענשן אריינעמען אין דעם רייסטער פון אונזערע ביזאהעריקע שטענדיקע ערפאָלגן.

* * *

**דער 2־טער שול־צוזאמענפאָר**

דערפאר איז דער צווייטער צוזאמענפאָר פון די א. ר. שול־טוער און לערער אין קליוולאנד געווען געלונגען אין אלע הינזיכטן. טראָץ דעם, וואָס די הכנות צום צוזאמענפאָר אין קליוולאנד זיינען געמאכט געוואָרן אין די לעצטע עטלאכע טעג, ווייל מ'האָט אלץ גערעכנט, אז דער צוזאמענפאָר וועט דאָך פאָרקומען אין טאָראָנטאָ — פונדעסטוועגן איז אלץ דורכגעגאנגען כשורה און דער צוזאמענפאָר האָט דערפילט זיין אויפגאבע.

דער הויפּט־צוועק פון די ערשטע צוזאמענפאָרן אויף אזא נייעם — פאר אונז — געביט, איז צו שאפן אן איינהייטלאכקייט אין דעם פּראָגראם און גייסט. אויף וויפיל מיר האָבן געהאט א לייכט אָנגעצייכנטן פּראָגראם פון פריער און א באשטימטן גייסט, וואָס דער נאָמען „ארבעטער רינג שולע" איז מתחייב, האָט דאָס נאָך אָבער געגעבן גענוג פּלאץ פאר גרויסע חלוקי־דעות און פאר פארשידענע פּירושים. אָרטיקע אומשטענדן און אָפטמאָל די פּערזענלאכע אנשויאונגען פון די לערער האָבן מיט דעם פיל צוטאָן. עס איז געווען די אויפגאבע פון צוזאמענפאָר אָפּצוזייניקן די אלע נעבלהאפטע ערטער, וואו מ'קען מאכן פארשידענע, אָפטמאָל גאָר געגנזעצלאכע אויסטייטשונגען און אויסלייטערן זיי אזוי, אז די ריכט־שנור זאָל זיין א בולט'ערע און א פעסטערע.

דער צוזאמענפאָר דארף אויך דינען אלס א מין „קלירינג־עקסטשיינדזש", וואו מ'בייט זיך אויס מיט ערפארענע ווערטער, מיט אויספּרוּוואונגען און עקספּערימענטן.

אָט די ביידע אויפגאבן האָט דער צוזאמענפאָר אין א היבשער מאָס דערפילט און צוזאמען מיט די באלערנדע רעפעראטן, וואָס זיינען אָפּגעהאלטן געוואָרן פון אונזערע בעסטע לערער, האָט ער צופרידנגעשטעלט פיל ערווארטונגען.

* * *

**100 נומערן „צוקונפט"**

אונזער ברודער־אָרגאן די „צוקונפט" איז שוין דערשינען, פאר די קנאַפּע 30 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, אין איבער 300 נומערן. זיין גרויסן נאָמען אָבער האָט ער זיך געמאכט ערשט די לעצטע 8 יאָר, אונטער דער רעדאקציע פון גען. **אברהם ליעסין**.

די 100 נומערן, וואָס זיינען ארויסגעגאנגען פון אונטער זיין האנט, זיינען א באדייטענדער בייטראג צו אונזער ליטעראטור און האָבן געלייסטעט א גרויסע הילף צו אונזער באוועגונג. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין וויכטיקע פראגע פון דעם אלגעמיין־געזעלשאפטלאכן און אידישן לעבן, וואָס גען. **ליעסין** זאָל עס ניט האָבן באהאנדלט אין זיינע באריטמט־געוואָרענע לייט־ארטיקלען. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין באדייטענדער אידישער שרייבער, וואָס האָט ניט בייגעטראָגן פון זיין בעסטעם אין דער „צוקונפט".

די דערשיינונג פון די 100 לעצטע נומערן זיינען דעריבער געפייערט געוואָרן מיט א הארצלאכן יום־טוב־באנקעט פון די אידישע שרייבער און טוער אין דער ארבעטער־באוועגונג. פון פארשידענע ערטער האָבן דעם יובילאר דערגרייכט ווארעמע באגריסונגען, צו וועלכע מיר שליסן זיך אָן פון טיפסטן הארצן.

אונזערע מיטגלידער אָבער וועלן קענען אויסדריקן זייערע גרוסן און וואונשן צום געערטן יובילאר מיט דעם, וואָס זיי וועלן זיך נעמען לעזן די „צוקונפט". א זשורנאל, וואָס טאָר ניט פעלן אויפ'ן טיש פון קיין אינטעליגענטן אידישן ארבעטער!

* * *

מיט דעם נומער הייבן מיר אָן אויסצולייגן לויט די נייע פאַריינפאכטע כללים פון דער וויסנשאפטלאכער אָרטאָגראפישער קאָמיסיע. לײדער זיינען עטלאכע ארטיקלען געבליבן מיט דעם אלטן אויסלייגן.

# די אידישע שול־באַוועגונג אין פּוילן

פון וו. מעדעם

.1

אינמיטן פון די מלחמה־שטורמס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט. ס'איז אַ שטילע אַרבעט. זי האָט ניט אין זיך קיין עפעקטן. זי וואַרפט זיך ניט אין די אויגען. זי איז אָבער גרויס און שיין. ווייל עס האַנדלט זיך וועגן דעם יונגן דור, וועגן די קינדער, און די קינדער — דאָס איז אונזער צוקונפט, אונזער האָפנונג.

מיר זיינען אָרים. די צאָל פון די טוער איז קליין. אָבער די טוער אַרבעטן מיט אַן איבערגעבענקייט, מיט אַ טרייהייט, מיט אַן ענטוזיאַזם און מיט גלויבן. אָן אַ גלויבן, אָן אַן ענטוזיאַזם קאָן ניט געשאַפן ווערן קיין גרויסע אַרבעט. און די הונדערטער מאַמעס, וואָס קומען אין אָנהייב שול־יאָר און שטופן זיך ביי די טויערן פון אונזערע שולן, בעטנדיק, מען זאָל אַריינגעמען זייערע קינדער, זיינען אַלס דער בעסטער באַוויז, אַז די אַרבעט איז נייטיק, אַז די אויפגאַבע איז ניט קיין אויסגעטראַכטע, אַז די זאַך אַנטשפּרעכט אַ טיפער לעבענס־נויטווענדיגקייט. הונדערטער מאַמעס מוזען זיך אומקערן צוריק: נישטאָ קיין אָרט; צו־ווייניק שולן, צו ווייניק קלאַסן. ס'איז געווים זעהר טרויעריק. ס'איז אָבער אַ סימן, אַז אַ גרויסע מאַסן־באַדערפניש איז דאָ. און דאָרטן, וואו ס'איז יאָ דאָ אַ באַדערפניש, וועט דאָס לעבן פריער אָדער שפּעטער געפינען וועגן און מיטלען, כדי צו באַפרידיקן די ברענענדיקע נויט. אַזוי גלויבן די טוער, און אַזוי וועט דאָס זיין.

די אידישע שול־באַוועגונג אין פּוילן און אין ליטע איז נאָך יונג. אמת, גערעדט און געטראַכט וועגן די אידישע שולן האָט מען שוין צייט לאַנגע יאָרן. ס'איז אָבער געווען מער ניט ווי גערעדט און געטראַכט. ס'איז געווען בלויז אַ פּונקט פון פּראָגראַם, אַ ווייטער ציל. די רוסישע ווירקליכקייט אין די פאַרשאָלטענע יאָרן פון דער צאַרישער ממשלה האָט ניט דערלאָזט צו פאַרווירקלאַכן דעם חלום. און מסתמא איז אין יענע טרויעריקע יאָרן דער מאַסן־דראַנג ניט געווען שטאַרק גענוג, דאָס מאַסן־באַדערפניש ניט קלאָר גענוג, כדי מען זאָל קענען בייקומען די מניעות פון די פאַרשידענע פאַראָרדנונגען און תקנות. אין גאַנץ פּוילן, ליטע און ווייס־רוסלאַנד זיינען יענע יאָרן געמאַכט געוואָרן נאָר צוויי פאַרזוכן צו שאַפן אַ מאָדערנע אידישע שול מיט דער אידישער אונטערריכט־שפּראַך: איין שול אין וואַרשע און איין שול אין ווילנע, — ביידע אין אַ פאַרשטעלטער כאָרם, אַרבעטנדיק אויף קאָנטראַבאַנדע־וועגן. און דאָס איז געווען אַלעס.

די מלחמה האָט געגעבן דעם ערשטן שטופּ צו אַ ברייטערער פּראַקטישער אַרבעט. ס'איז אָבער געשעהען אויף אַ מערקווירדיקן אופן. די ערשטע אידישע שולן זיינען אַנטשטאַנען אייגענטלאַך נאָר אַלס בילדונגס־אַנשטאַלטן. ס'איז געווען אָנהייב אַ ריין פילאַנטראָפּישע „רעליף”־אַרבעט. ס'איז געווען אין אָנהייב 1915. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טויעריג־באַרימטע גירושים. מאַסנווייז פלעגט מען אַרויסשיקן יעדן פון די פאַרשידענע שטעט און שטעטלאַך, וואָס זיינען געלעגן נאָענט צום פראָנט. מאַסנווייז פלעגן די היימלאָזע אָנקומען קיין וואַרשע. די נויט איז געווען אַ שרעקליכע. מען האָט געדאַרפט ראַטעווען די דערוואַקסענע און מען האָט געדאַרפט ראַטעווען די קינדער. דעמאָלט איז עס געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע די ערשטע קינדער־היים. י. ל. פּרץ און י. דינעזאָן זיינען געווען די גרינדער. פּרץ איז אין גיכן געשטאָרבן און דינעזאָן איז יאָרען־לאַנג געבליבן יענער מענש, וועלכער האָט זיך מיט דער גרעסטער איבערגעבנקייט געזאָרגט פאַר די קינדערלאַך, ווי אַן אמת'ער ליבהאַרציקער זיידע. די ערשטע קינדער־היים איז אַנטשטאַנען אַלס רעטונגס־אַנשטאַלט. מען פלעגט נעמען קליינע היימלאָזע קינדער און געבן זיי צו עסן. צווישן די מאָלצייטן פלעגן די קינדער זינגען און שפּילן. און דאָס איז געווען אַלעס. נאָך דער ערשטער קינדער־היים איז געקומען די צווייטע, די דריטע. די קינדער זיינען געוואַקסן. מיט די עלטערע האָט מען געדאַרפט לערנען. מען האָט אָנגעהויבן צו עפענען שול־קלאַסן. און אַזוי זיינען פון אַ צדקה־אַרבעט אויסגעוואַקסן די ערשטע אידישע שולן מיט אַ וועלטלאַכן מאָדערנעם כאַראַקטער, מיט אַ דעמאָקראַטישן גייסט און מיט דער אידישער אונטערריכט־שפּראַך.

די דאָזיקע שולן האָבן אָבער ניט געהאַט קיין ברייטן געזעלשאַפטליכן פונדאַמענט. געשאַפן זיינען זיי פון אַ פּאָר מענשן. די נשמה פון דער גאַנצער זאַך איז געווען דינעזאָן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן צו דער אַרבעט מיט זיין גאַנצן האַרצן. די פאַרדינסטן פון דעם דאָזיקן טייערן מענשן זיינען געוואַלדיק גרויס. אָבער ער איז געווען מער ניט ווי אַ מענש. און אויף די כחות פון איין מענשען קאָן ניט געבויט ווערן אַ באַוועגונג. ס'איז אָבער ניט אַריבער אפילו איין יאָר נאָך דער ערשטער השכלה, און עס האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן אַ געזעלשאַפטלאַכער פונדאַמענט און אַ געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונג. דאָס וואָרט האָבן גענומען די אַרבעטער. און ערשט דעמאָלט האָט די גאַנצע אַרבייט געקענט זיך שטעלן אויף אַ פעסטן יסוד.

ווי אויף אַלע אַנדערע געביטן פון דעם אַרבעטער־לעבן, האָט אויך דאָ די איניציאַטיווע געשטאַמט פון די רייען פון „בונד”. און די דאָזיקע איניציאַטיווע האָט זיך אויסגעדריקט אין צוויי גרויסע אופטואונגען. פון איין זייט האָט מען געלייגט דעם פּראַקטישן פונדאַמענט פון אַ אידישער אַרבעטער־שול. פון דער צווייטער זייט האָט מען אויפגעהויבן אַ ברייטע געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונג, כדי אויפצואוועקן די מאַסן און מאַכן פּאָפּולער דעם געדאַנק פון אַ מאָדערנער אידישער שול.

די ערשטע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך אַ קליינעם הייפל פון בונדישע טוער. אין הערבסט 1915 — אין אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע — האָט די דאָזיקע קליינע גרופּע מענשן באַשלאָסן צו שאַפן די ערשטע קינדער־היים פאַר אידישע אַרבעטער־קינדער אין וואַרשע. מען איז צוגעטראָטן צו דער זאַך מיט די באַשיידנסטע קרעפטן און מיט לעכערלאַך קליינע געלט־מיטלען. די גרופּע האָט פאַרמאָגט אַ פאָנד פון גאַנצע 19 רובל; אַ ספּעציעלע זאַמלונג האָט אַריינגעבראַכט 84 רובל מיט 3 קאָפּיקעס; אַ דורכרייזנדער פון אַ בערלינער הילפס־קאָמיטעט האָט נעגעבן נאָך 60 רובל. סך־הכל האָט מען געהאַט אויף אַזאַ אופן — אַ „קאַפּיטאַל” פון 113 רובל מיט 3 קאָפּיקעס. און מיט דער דאָזיקער לעכערלאַך קליינער סומע איז מען צוגעטראָטן צו דער זאַך און מען האָט געעפענט די ערשטע אַרבעטער־קינדער־היים. מען האָט איר געגעבן דעם נאָמען פון דעם אומפאַרגעסליכן בונדישן טוער בראָניסלאַוו גראָסער, וואָס איז געשטאָרבן מיט דריי יאָר פריער. די דאָזיקע קליינע קינדער־היים מיט אירע 40 קינדער איז געוואָרן אַ קערנדל, פון וועלכן ס'איז אין משך פון די ווייטערדיקע יאָרן אויסגעוואַקסן דאָס גרויסע נעץ פון די „גראָסער”־שולן מיט זיינע טויזענטער קינדער. מען האָט ריכטיק אָנגעטאַפּט דעם דופק פון דער לעבנס־נויט.

די צווייטע זאַך, וואס מען האָט אויפגעטאָן אַרום דער זעלבער צייט, איז געווען אַ ברייטע מאַסן־קאַמפּאַניע. מען האָט געדאַרפט אויפקלערן און פאַראינטערעסירן די עלטערן. און ווידער איז די איניציאַטיוו געקומען פון די בונדישע רייען. מען האָט געמאַכט אַ גרויסן מאַסן־מיטינג, געווידמעט דער דאָזיקער פראַגע, און דערנאָך אָרגאַניזירט אַ מאַסן־פּעטיציע מיט דער פאָדערונג צו שאַפן אידישע שולן מיט דער אידישער אונטערריכט־שפּראַך. מען האָט צוגעצויגן צו דער אַרבעט עטלאַכע זייטיקע מענשן, ניט בונדאָוועצעס (דער פאָרזיצנדער פון מיטינג איז געווען דינעזאָן); אָבער די גאַנצע אַרבעט האָבן דורכגעפירט די בונדישע אַרבעטער. מען איז געגאַנגען פון הויז צו הויז אין די אידישע אַרבעטער־קוואַרטאַלן, זאַמלנדיק חתימות אונטער דער פּעטיציע. אין יעדן הויז האָט מען אויפגעקלערט, אַגיטירט און אומעטום געפונען דעם בעסטן און וואַרימסטן אָפּקלאַנג. אונזערע אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון דעם איצט פאַרשטאָרבענעם טוער אברהמ'ל שטריקער (ראָזענבוים),

# דאָס אייביגע לעבען

(לעגענדע)

פון יעקב קרעפּליאַק

### 3.

### FATA MORGANA *)

פון די העכסטע בערג פון טינג־נאַן צום טאָל פון די געלע שטורמישע וואַסערן האָט לאָאָ־טצע גענידערט, און ווידער צו די העכסטע שפּיצען זיך נעהויבען, און אַלץ געזוכט דעם קוואַל פון אייביגען לעבען.

אויפ'ן רוקען פון אַ פאַרבלאָנדזשעטען קעמעל, וואָס ער האָט צוגעוואוינט צו זיך, האָט ער טעג און נעכט געוואַנדערט אין דער מדבר. ער האָט זיך אָפּגעשלאָגען פון קאַראַוואַנען־וועגען, אין די וויסטסטע ווינקלען איז ער פאַרקראָכען און אַלץ ניט געפונען דעם קוואַל פון אייביגען לעבען . . .

די מדבר־זון און די הייסע ווינטען האָבען אים פאַרוואַנדעלט אין אַן אויסגעטריקענטען סקעלעט, אין וועלכען ס'האָט נאָר איין פאַרלאַנג געגליט: געפינען דעם קוואַל, און איין געדאַנק: די רייד פון ווינט—„זוכען—זוכען" . . .

ס'זיינען אַבער אוועק חדשים, יאָרען. ניט איינמאָל איז אים שוין אויסגעקומען, מיט'ן הייליגען דראַקאָן אין האַנט, פאַרטרייבען פון זיך דעם טויט. אָבער די גאַנצע צייט האָט זיך צו אים שאַנג־טי ניט באַוויזען, האָט איִם אפילו קיין צייכען ניט געצייגט. ווער ווייס ווי לאַנג נאָך דער הייליגער כח וועט רוען אויפ'ן דראַקאָן? דענסטמאָל איז אַ סוף . . . און דעם קוואַל האָט ער נאָך אַלץ ניט געפונען.

און איינמאָל, ווען דאָס וואַסער איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען פון די לאָגלען, די טייטלען—פון זאַק, איז ער אַ מידער אַראָפּ פון קעמעל און זיך צוגעזעצט אויף אַ ווייל. לאָאָ־טצע האָט זיך פאַרקוקט אויפ'ן נאַכטיגען הימעל,—אפשר וועט ער פאָרט דערזעהן עפּעס אַ צייכען פון שאַנג־טי, און פּלוצלונג האָט ער דערפילט אויף זיך אַ שטאַרען, אָנגעשטרענגען בליק.

ער כאַפּט זיך: ער זעהט זיין קעמעל קוקט אויף אים אַזוי מאָדנע, אַזוי פאַרשטענדליך . . . ווי ס'וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגען.

איז לאָאָ־טצע צו אים צו און אים אָנגערירט מיט'ן שטעקען. דער קעמעל האָט זיך גלייך אויסגעקניט פאַר זיינע פיס, אַז ער זאָל זיך זעצען.

לאָאָ־טצע האָט געטראַכט אַ ווייל און זיך געזעצט אויפ'ן קעמעל. דער קעמעל האָט זיך אויפגעשטעלט און אוועק אין וועג.

באַלד האָט לאָאָ־טצע דערפילט, אַז אַ טויטע מידקייט באַהערשט אים, ער האָט זיך מאָדנע אויסגעקרימט אין זיץ, עפּעס אַלע אברים האָבען זיך ווי פאַנאַנדערגעבונדען, די אויגען האָבען זיך אים פון זיך אַליין פאַרמאַכט, און מאַכטלאָז האָט זיך דער קאָפּ מיט'ן ווייסען צאָפּ פאַרוואָרפען אַהינטער . . .

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך ביי אַ מאָדנער שיין. ס'איז ניט געווען טאָג און ס'איז ניט געווען נאַכט, ניט קיין זון־שיין און ניט קיין לבנה־שיין, נאָר אַ געל־טונקעלער שיין האָט געהערשט, ווי אַ פינסטערע זאַך וואָלט די זון פאַרשטעלט. ער זעהט, דער קעמעל שטעהט פאַר אַ שייד־וועג מיט אַן אומגעדרייטען קאָפּ צו אים, און וואַרט אויף זיין זיך אויפכאַפּען.

לאָאָ־טצע קוקט זיך ארום. ער זעהט: לינקס, ביי איין זייט האָריזאָנט אַ בערגיג קייט, וואָס שטעכט דורך, מיט די שפּיצען דעם הימעל. רעכטס, אַ פלאַכער וויסטער מדבר. און צוויי וועגען פאַרנעמען זיך, איינער רעכטס און דער צווייטער לינקס.

קוקט ער זיך ארום וואו ער איז און ער דערזעהט אַן אויפשריפט אויסגעהאַקט אין אַ שטיין:

„דער וועג רעכטס פירט צום טויט,
דער וועג לינקס פירט צום לעבען."

לאָאָ־טצע האָט זיך אויפגעשטעלט אויפ'ן רוקען פונ'ם קעמעל און, ווי ווייט זיין אויג האָט געכאַפּט, האָט ער געזעהן רעכטס נאָר אַ וויסטע פלאַכע, אויף וועלכער עס האָט זיך אויסגעדרייט ווי אַ שלאַנג דער וועג פון טויט.

דער וועג אויף לינקס, זעהט ער, שניידט זיך אריין אין בערגיגען פּאַס, ציט זיך איבער שפּיצען, ווערט פאַרפאַלען אין טאָלען און דערגרייכט, דוכט אים, די אַנדערע זייט פון באַרג־פּאַס. פון ביידע זייטען וועג הייבען זיך די בערג ווי שטיינערנע ווענט. ערגעץ אין דער ווייטקייט אויפ'ן האָריזאָנט לייכט דורכ'ן שניט אין באַרג־פּאַס דער לויטערער הימעל און צויבערט און ציט . . .

לאַנג איז לאָאָ־טצע געשטאַנען און באַטראַכט ביידע וועגען און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געלייענט דעם אויסגעהאַקטען אויפשריפט. ער האָט אָבער אַ טרייב געטאָן דעם קעמעל מיט'ן שטעקען און זיך פאַרנומען אויפ'ן וועג לינקס.

לאַנגזאַם און צופרידען האָט לאָאָ־טצע גערייטען איבער'ן „וועג פון לעבען", באַרג ארויף, באַרג אַראָפּ. ווי אַ סאַמעטענע סטענגע האָט זיך געצויגען דער וועג און ער האָט געזשאַלעוועט יעדען טריט. פּלוצלונג האָט דער קעמעל אָנגעהויבען אומרוהיג צו באַוועגען מיט די אויערען, מיט אַ קרעכץ ציען די לופט און צעשראָקען קוקען אויף די זייטען.

לאָאָ־טצע האָט זיך ארומגעקוקט און דערזעהן, אַז דער באַרג־פּאַס צו רעכטס האָט אָנגעהויבען צו פאַרשווינדען. באַלד האָט ער זיך אויסגעגלייכט מיט'ן וויסטען מדבר, און דער וועג פון טויט האָט זיך פון רעכטס פאַרנומען אויף לינקס און לויפט שוין צוגלייך מיט'ן וועג פון לעבען, און אַזוי נאָענט מיט'ן האַנט צו דערגרייכען . . .

לאָאָ־טצען איז אַ קעלט אַדורך. ער געהט און דער טויט־וועג דערנענטערט זיך. ער קאָן שוין זעהן איצט צעשאָטענע ביינער ביי די זייטען פון טויט־וועג; ער שפּירט, דוכט אים, דעם ריח פון נבלה . . .

און באַלד נאָך אַ שאַרפערער ביינ פון טויט־וועג, ווי ער וואָלט זיך געקליבען אין גאַנצען דורכצושניידען דעם וועג פון לעבען . . .

דער קעמעל האָט זיך אַלץ אָפטער אָנגעהויבען וואַרפען אַן אַ זייט און זיך צופרעסען צו דער שטיינערנער וואַנט. לאָאָ־טצע איז אַראָפּ פון קעמעל און גענומען אים אונטער'ן צוים.

נאָר אַ שטיקעל וועג זיינען זיי אָפּ, און לאָאָ־טצע האָט מיט שרעק דערזעהן, אַז אין דער ווייטקייט געהט דער וועג פון טויט ארויף אויפ'ן וועג פון לעבען און גיסען זיך צוזאַמען,

---

*) אַ מיראַזש.

---

האָבען געאַרבעט מיט אַן אמת'ן מסירת נפש. אין אַ צייט פון אַ שרעקליכער אַרבעטסלאָזיגקייט און הונגער־נויט, אין די קאַלטע ווינטער־טעג, אָן וואַרימע קליידער, אין צעריסענע שיך, פלעגן זיי גיין פון הויז צו הויז מיט אַ זעלטענער איבערגעבענקייט, און דער רעזולטאַט איז געווען — ארום 35 טויזענט חתימות. נאָך פריער האָבן די לאָדזשער חברים דורכגעפירט אַן ענליכע קאַמפּאַניע און געזאַמעלט עטליכע און צוואַנציג טויזענט חתימות. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וויכטיקסטע איז געווען דערביי ניט די חתימות אַליין, נאָר דער גרויסער מאַסן־אינטערעס, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן.

און אַזוי ארום האָט זיך די זאַך ענדלאָך גערירט פון טויטן פונקט. עס זיינען געלייגט געוואָרן די ערשטע שטיינער פון אַ מאַסן־פונדאַמענט און עס איז אָנגעהויבן געוואָרן די בויאונגס־אַרבעט גופא. און די רעזולטאַטן פון דער ראַזיקער אַרבעט האָבען מיר איצט פאַר אונזערע אויגן. וועגן די דאָזיקע רעזולטאַטן אין אַ צווייטן קאַפּיטל.

און ער קאָן שוין ניט זעהן וואו דער וועג פון לעבען איז און וואו דער וועג פון טויט.

לאַ־טצע האָט פּרובירט טאָן נאָך אַ פּאָר טריט. דער קעמעל האָט זיך אָבער פאַר'עקשנ'ט און זיך ניט געוואָלט רירען פון אָרט.

לאַ־טבע האָט דערפילט, אַז ווייטער קאָן ער ניט געהן, אַז ער מוז זיך אומקערען צוריק. ער האָט געוואָלט אויסקי־רעווען דעם קעמעל. און פּלוצלונג האָט ער מיט שטוינונג דער־זעהן, אַז דער וועג לויפט, ציט זיך פון זיך אליין, באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ. און אַלץ אויף דעם וועג באַוועגט זיך און ציט זיך אין דער זעלבער ריכטונג.

ער זעהט אפילו די שטיינער ביי די זייטען שאַרען זיך, קייקלען זיך אין דער זעלבער ריכטונג, באַרג אַרויף, מיט'ן גרעס־טען אימפּעט, ווי זיי וואָלטען זיך געגליטשט באַרג אַראָפּ . . . און ער אַליין און זיין פאַר'עקשנ'טער קעמעל טראָגען זיך גיך־גיך אַרויף צום הימעל צו . . .

ביי דער העכסטער הויך האָט זיך דער וועג איבערגעבויגען, זיך אָפּגעריסען, און ווי אַ וואַסער־פאַל פאַרשווינדט ער אין אָפּגרונט. ביי לאַ־טצען האָט זיך דער קעמעל אַרויסגעגליטשט פון האַנט. עפּעס האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים מיט'ן מאָרדע. ביים סאַמען ראַנד פון אָפּגרונד האָט ער זיך פאַר־עקשנ'ט איינגעשפּאַרט מיט די צעשפּרייטע הינטערשטע פיס. די אויסגעשטאַרצטע אויגען האָבען מיט טויט־שרעק און מיט האַס געקוקט אויף אים, און געדוכט האָט לאַ־טצען, אַז זיי שילטען אים . . .

נאָר אַ רגע האָט ער אַזוי געזעהן זיין קעמעל. ער האָט דערהערט אַן אויסגעצויגענעם קרעכץ, אַ טויט־קרעכץ . . . און באַלד האָט זיך דער קעמעל אַ גליטש געטאָן מיט די איינגע־שפּאַרטע הינטערשטע פיס און פאַרשוואונדען אין אָפּגרונד.

און דאָ שטעהט שוין לאַ־טצע ביים סאַמען אָפּגרונט. אנגסטען באַפאַלען אים. ער שפּאַרט זיך נאָר איין מיט זיין שטעקען, מיט זיין גאַנצען כח שפּאַרט ער זיך איין, און דער וועג גליטש'ט זיך אונטער זיינע פיס, גליטשט זיך און פאַלט אין אָפּגרונט אריין . . .

לאַ־טצע האָט דערזעהן אַ מאָרנע געשטאַלט שוועבט אי־בער'ן אָפּגרונט: האַלב מענש, האַלב דראַקאָן, און די געשטאַלט וויקעלט זיך און שרייט:

„איך בין דער טויט, לאַ־טצע!“

— איך בין צו דיר ניט געגאַנגען . . . — האָט לאַ־טצע געצאַפּעלט.

די משונה'דיגע געשטאַלט האָט זיך צעשיפּעט און צעלאַכט:

„דו ביסט געגאַנגען צו מיר . . . נאָך איידער דו ביסט געבוירען געוואָרען ביסטו געגאַנגען צו מיר מיט די טריט פון דיינע עלטערן . . . זעהסט, ס'פליען דאָ איבער'ן אָפּגרונט אַזעלכע שיינע קאָלירטע זומער־פייגעלעך, דאָס פליען זיי צו מיר . . . ס'שפּראָצט אַ גרעזעל אונטער דער זון, דאָס ציט ער זיך צו מיר . . . לאַ־טצע, דו קומסט, דו לויפסט אויך צו מיר! . . .“

און מיט אַמאָל איז פון לאַ־טצעס אויגען אַלץ פאַר־שוואונדען. ער זעהט נאָר, דער וויסטער מדבר ציט זיך אין דער ווייטקייט, די זון ברענט איבער'ן קאָפּ דורך אַ מאָרנעם שוואַרץ־געלען וואָלקען; לעבען אים ליגט נאָר דער טויטער קעמעל, פאַרזונקען אין זאַמד, און אין די אויערען קלינגט נאָך: „דו קומסט, דו לויפסט צו מיר . . .“

לאַ־טצע האָט פון זיך אָפּגעטרייסעלט דאָס זאַמד און זיך געלאָזען ווייטער אין וועג.

דער מדבר האָט נאָך אין גאַנצען גאָלדיג־זאַמדיג געשטראַלט. אָבער ווייט אין הימעל האָט דער געלער וואָלקען אַלץ מער זיך פאַרשפּרייט. באַלד האָט דער ווינט זיך אָנגעהויבען שפּילען מיט'ן זאַמד, אים געפורעמט און געזייט. כוואַליעס־ווייז, ווי אַ וואַסער, האָט ער אים געטריבען, דעם זאַמדיגען ים.

אַ דורשטיגער, אַ צעגליטער האָט דאָס זאַמד זיך באַוועגט, געצויגען און געזוכט, און אויסגעזויגען יעדע פייכטקייט.

ס'האָט געזויגען די לופט, גענושטערט איבער דער ערד און זיך איבערגעשאָטען מיט'ן גערויש פון אויסגעטריקענטע ביינער.

מיט פאַרטריקענטע, דורשטיגע ליפּען האָט זיך לאַ־טצע געצויגען דורכ'ן זאַמד. דאָס זאַמד האָט אויסגעטריקענט דעם האַלז, אויסגעזויגט דאָס לעצטע ביסעל פייכטקייט און גע־גרילצט אונטער די ציין. כוואַליעס היץ האָבען זיך געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע און געטריקענט און געטריקענט . . .

זעהט לאַ־טצע: די „בערג פון הימעל“ שיינען אויפ'ן האָריזאָנט אין אַלע קאָלירען פון רעגענבויגען, און אַזאַ פריש־קייט ציט פון דאָרטען, און די בערג דערנענטערען זיך צו אים, קומען צו, קומען צו . . . ער דאַרף זיך נאָר אָנשטרענגען, וועט ער זיי דערגרייכען. אָט זיינען זיי שוין אַזוי נאָענט! ער זעהט שוין די גאָלדענע קרוינען פון די פּאַלמען. אָט זעהט ער זיי אין גאַנצען . . . און אונטען, צופוסענס, שלאָגט דער קוואַל פון אייביג לעבען. ער זעהט שוין אפילו דעם שטיין פון וועמען ער שלאָגט . . . ער שנירעלט זיך אַרויס אַזאַ פרישער, לויטערער, דערקוויקענדער . . . ער וועט צופאַלען צו אים נאָך אַ פּאָר טריט, נאָך אַ פּאָר טריט . . .

ער פילט די כחות פאַרלאָזען אים, און ער שאַרט זיך אויף אַלע פיר צום קוואַל. ער קאָן שוין זעהן די קאָלירטע שטיינ־דעלעך אויפ'ן גרונט, וואָס, ס'דוכט זיך, הייבען זיך, קוועלען מיט'ן לויטערען וואַסער . . . די כחות פאַרלאָזען אים. מיט'ן מויל וועט ער שוין ניט דערגרייכען, כאָטש ער ציט זיך אין גאַנצען מיט'ן גאַנצען קערפּער. מיט די הויפענס, מיט די הויפענס וועט ער אָנשעפּען . . .

לאַ־טצעס אויסגעטריקענטע הענט ציען זיך טרייסלענדיג צום קוואַל . . . די אויסגעדאַרטע פינגער קאָרטשען זיך אין הויפענס און גראַבלען קאָנוואולסיוו נאָך דער לעבעדינגער פייכ־קייט . . . און ער גראַבעלט אָן הויפענס זאַמד און טראָגט עס צום מויל . . .

לאַ־טצע האָט דערפילט דעם טעם פון פאַרקאָכט בלוט און מיט'ן לעצטען אָטעם דאָס אויסגעשפּיגען.

פאַר'ן פאַרשטאַרטען בליק האָט ער נאָך צונעטראָגען די הויפענס זאַמד . . .

און פּלוצלונג, אין אַן אוממענשליכען קראַמפּ איז ער אויפ־געשפּרונגען, זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער הייך און מיט אויפגעדריקטע פויסטען זיך צעשריען אַנטקעגען הימעל:

„שאַנג־טי, דער מענש וועט דאָך לעבען אייביג!“

אין דער רגע איז פון לאַ־טצען געוואָרען אַ שטיין.

דער שטיין שטעהט נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג אין דער מדבר, און קאַראַוואַן־רייזענדע דערציילען, אַז צו האַלבער נאַכט, ווען מען לייגט צו דעם אויער צום שטיין, הערט מען ווי דער שטיין שרייט:

„דער מענש וועט דאָך לעבען אייביג . . .“

---

# אַ פרייהייטס-ליד

(נאָך דעהמעל'ן)

פון נפתלי גראָס

עס בליען די בלומען אין טויען,
דאָך מיר אָבער בויען און בויען
מיט אונזערע כחות און הענט
אַנטקעגן דעם ווינט און דעם שטורעם
פיל אייזערנע ווענט.
און ווען מיר'ן זיין שוין געשטאָרבן —

די צייט זי פאַררינט און פאַרשווינדט. —
דאַן וועלן די בלומען נאָך בליען
אַזוי ווי זיי בליען אַצינד;
דאָך איבער די ווענט, וואָס מיר בויען,
מיט אונזערע הענט, וואָס מיר בויען,
וועט לאַכן, הויך לאַכן דער ווינט . . .

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## 3. פעטראַרקאַ — דער ערשטער הומאַניסט

דאָס, וואָס ווערט אין דער געשיכטע אָנגערופן מיטלאַלטער, ווערט מיט רעכט גערעכענט פאַר אַ צייט פון פינסטערניש און אומוויסענקייט. גראָבע הערשאַפט פון די פעאָדאַלן, אומבאַשטראָפטע רציחות, בירגער־קריגן, חיה'שע פייניגונגען, פלאַקער־פייערן, וואָס אויף זיי פלעגט מען פאַרברענען די אַזוי־גערופענע מכשפים און מכשפות, מלחמות מיט אפּיקורסים, אַבערגלויבעריי אין געזעלשאַפטליכן און מלוכה־לעבן, כשוף, אַלס וויסנשאַפט, אַסטראָלאָגען, אַלס אומפעלבאַרע פאַרזאָגער פון דער צוקונפט, — דאָס זיינען בילדער, וואָס אונזער איינבילדונג מאָלט אונז, בעת מיר דערמאָנען זיך וועגן דעם מיטלאַלטער.*)

שוין ניט רעדנדיג וועגן די נידריקע שיכטען, אפילו די פעאָדאַלן, פאַרנומענע מיט מלחמות און טורנירן, האָבן מערסטנטייל ניט געקאָנט ניט לייענען, ניט שרייבן. די בילדונג איז דעמאָלט קאָנצענטרירט געוואָרן נאָר אין די הענט פון די גייסטליכע. די מאָנאַסטירן האָבן זיך גערעכנט פאַר די היטער פון אַלע אוצרות, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו געלערזאַמקייט. די גאַנצע וויסנשאַפט פון יענער צייט האָט דערום געטראָגן אַ טעאָלאָגישן כאַראַקטער. די לאַטיינישע שפּראַך איז אַלעמאָל געווען די שפּראַך פון דער קאַטאָלישער אמונה, פון דער עבודה, און דערפאַר האָבן די דאַמאָלסדיקע געלערטע, די סכאָלאַסטיקער, געשריבן נאָר אויף לאַטיין — הגם אומגעלומפּערט — און האָבן זיך באַשעפטיגט לויט פאָרצוג מיט די דאָגמאַטן פון רעליגיע. די דאָזיקע דאָגמאַטן האָבען זיי באַגרינדעט אויפ'ן עוואַנגעליום, אויף די ווערק פון די קירכן־פאַטערס און טיילוויז אויף אַריסטאָטעלס פילאָזאָפישע ווערק, וואָס זיי האָבן געקראָגן אין אַ לאַטיינישער איבערזעצונג. אַלץ, וואָס האָט ניט געשטימט מיט די דאָזיקע דאָגמאַטן, איז אָנערקאָנט געוואָרן פאַר אפּיקורסות, און די אפּיקורסישע ווערק פלעגן זיין אין געפאַר פאַרברענט צו ווערן.

ביכער האָבן עקזיסטירט נאָר אין מאַנוסקריפּט, אויף פאַרמעט, און דערפאַר זיינען זיי געווען אַ זעלטנהייט. אויב אפילו די מאָנאַסטירן האָבן אין זייערע ביבליאָטעקן פאַר אונז אָפּגעהיט אַ טייל פון די אַלטערטימליכע ביכער־אוצרות, אָבער ווער ווייס, עס קאָן גאַנץ מעגליך זיין, אַז אַ סך מער איז צעשטערט געוואָרן. דער דוחק אין פאַרמעט, די אָרימקייט און אומוויסנקייט פון מאַנכע מאָנאַכן האָבן באַשאַפן אַ מאַסע פאַלימפּסעסטן, דאָס הייסט מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אויף פאַרמעט, פון וועלכער איין כתב איז שוין אָפּגעמעקט געוואָרן. די שאַפונגען פון אַלטערטימליכע גאונים, — מעגלאַך פון די גרעסטע און ווערטפולסטע, — פלעגן אַראָפּגעריבען ווערן פון די אַלטערטימליכע מגילות און מען פלעגט דערנאָך אויף זיי שרייבן תפלות און מזמורים, און אָפט אויך באַנוצן זיי אויף איינצובינדן די שפּעטערדיקע ביכער. ווען פאַפּיר און בוכדרוקעריי וואָלטן ניט אַנטדעקט געוואָרען — ווער ווייס וויפיל טייערע ווערק עס וואָלטן נאָך צעשטערט געוואָרן.

אָבער אין געדיכטן חושך פון מיטלאַלטער האָט אַריינגעשלאָגן אַ ליכטיקער שטראַל — די רענעסאַנס עפּאָכע, די ווידער אויפלעבונג פון דער וויסנשאַפט און קונסט, צוערשט אין איטאַליען און דערנאָך אין אַנדערע לענדער. דער מענשליכער גייסט האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם לאַנגן דרוק פון מיטלאַלטער. עס זיינען אויפגעקומען געלערטע, דיכטער און קינסטלער, וואָס האָבן זיך גענומען אינטערעסירן מיט אַלץ, וואָס איז מענשליך. איטאַליען גיט אונז דריי גרויסע נעמען: דאַנטע, פעטראַרקאַ און באָקאַטשיאָ.

פעטראַרקאַ (1304-74) איז געווען אַ גרויסער לירישער דיכטער, ער איז באַרימט, ווי אַ באַזינגער פון וועלטליכער ליבע. ער איז געווען באַגייסטערט פאַר דער אַלטער גריכיש־רוימישער ליטעראַטור, און האָט געפּריידיגט ליבע צו איר, האָט אויפגעמונטערט דאָס שטודיום פון די אַלטע שריפטשטעלער, דאָס זוכן און אויסגראָבן פון זייערע ווערק, וואָס זיינען אין מיטלאַלטער כמעט פאַרלאָרן געגאַנגען. ער איז געווען איינער פון גאָר די ערשטע, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער פילאָזאָפיע פון פּלאַטאָן.

פעטראַרקאָס פאַרדינסטן באַשטייען מער פון אַלץ אין דעם, וואָס ער האָט איינגעטלאַך אַרויסגערופן די הומאַניסטישע באַוועגונג. ער ווערט געוויינליך באַצייכנט אַלס דער ערשטער הומאַניסט. ניט נאָר האָט ער באַלעבט די בעסטע זייטן פון דעם אַלטערטימליכן גייסט, נאָר ער האָט זיי געפירט אין קאַמף מיט דער וועלט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט, און ער האָט שוין דערבליקט אין דעם דאָזיקען קאַמף די קערנדלאַך פון בעסערע טעג אין דער צוקונפט.

זיין זשעניע האָט געגעבן אַ ריכטונג אַ סך שפּעטערדיקע טאַלאַנטן און הגם אין אַ סך זאַכן האָבן זיינע נאָכפאָלגער אים צולעצט איבערגעשטייגט, איז דאָס אָבער נאָר אין אַזאַ זין, ווי אַ שילער ווייס היינט די טאָפּאָגראַפיע פון אַמעריקע, בעסער ווי קאָלומבוס האָט זי געוואוסט. אין דער געשיכטע פון דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט וועט פעטראַרקאָס נאָמען אַלעמאָל שיינען, ווי אַ גרויסער שטערן.

אין פעטראַרקאָס צייט האָט מען נאָך געמוזט פאַרטיידיגן פאַר דער פּאָעזיע דעם סאַמע אָרט אויף עקזיסטענץ. די פּאָעטען האָבן גע'שמ'ט פאַר מענשן, וואָס האָבן אויסגעקליבן פאַר זייער פּראָפעסיע אַן אויסטראַכטעניש, פּאָלגלאַך אַ ליגען. די אַלטערטימליכע דיכטער האָט מען גערעכנט פאַר לערער פון עקעלהאַפטע זאַכן. פעטראַרקאַ האָט זיי פאַרטיידיגט, אָנווייזנדיג, אַז קריסטוס אַליין האָט גערעדט אין פאָרמען פון מעשה'לאַך, און דאָס איז פּאָעזיע אין אַן אַלעגאָרישער פאָרם. דעם דאָזיקען קאַמף האָט ער אָנגעהויבן אַלס יונגער־מאַן און האָט ניט נאָכגעגעבן ביז'ן ענד פון זיין לעבן. און נאָך אים האָבן זיינע תלמידים אַ הונדערט יאָר נאָך פאָרטגעזעצט דעם זעלביקן קאַמף קעגן זיינע שונאים כמעט מיט די זעלביקע כלי־זין פון זייער לערער. די קירך און די סכאָלאַסטיק*) האָבן מיט ביטערקייט און האַס זיך פאַרטיידיגט קעגן דער וועלטליכער פּאָעזיע און צולעצט האָבן זיי זיך געמוזט אונטערגעבן.

פעטראַרקאַ, אַריינטרעטנדיג אין דער ראָלע פון אַ פריזידיגער פון הומאַניזם, ס'הייסט פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום מענשן אויף דער ערד, פאַלט אָן שאַרף אויף דער גאַנצער וויסנשאַפט פון די סכאָלאַסטיקער, אָנרופנדיק זי אַ קופּע מיסט, אין וועלכער עס זיינען באַהאַלטן נאָר נישטיקע ברעקלאַך פון דעם גאָלדענעם אמת און חכמה, ער האַלט די דאָזיקע וויסנשאַפט פאַר שעדלאַך און פאָדערט מען זאָל זי באַזייטיגן. נאָר דאָס, וואָס האָט אַ אוממיטלבאַרע שייכות צום מענשליכן לעבן, ווייזט זיך אים אויס פאַר וויכטיק און ווירדיק צו פאָרשן.

ער מאַכט פאָרוואָרפן די סכאָלאַסטיקער אין דעם, אַז זיי האָבן געמאַכט פון די זוכענישן פון אמת, פון דער וויסנשאַפט, אַ מלאכה אויף צו פאַרדינען געלט, אַז זיי האַנדלען מיט איר, ווי מיט סחורה; ער פאַלט אָן אויף די דאַמאָלסדיקע אוניווערזיטעטן, וואָס גיבן די איגנאָראַנטן און נאַראָנים מאַגיס־

---

*) מיטלאַלטער — אַזוי רופט זיך די עפּאָכע אָנהייבנדיק פון דעם יאָר 476 נאָך קריסטוס'עס געבורט, בעת די מערב־רוימישע אימפּעריע איז געפאַלן, ביז דער רעפאָרמאַציע אונגעפער אין 1517.

*) סכאָלאַסטיק — די מיטלאַלטערלאַכע עקלעקטישע פילאָזאָפיע, וועלכע איז געווען אַ מין פאַראייניגונג פון אַריסטאָטעל'ס פילאָזאָפיע מיט די רעליגיאָנס־לערן פון די פאַטערס פון דער קריסטלאַכער קירך; ברוקענער, אינהאַלטסלאָזער און בוצלאָזער פּלפּול.

טער און דאָקטער־טיטלען; ער פאַלט אָן אויף די אסטראָלאָגן, וואָס טרעפן לויט די שטערן וועגן דעם שיקזאַל פון פעלקער און ווייסן ניט וועגן דעם, וואָס קומט פאָר ארום זיי; אויף די פאָלאָזאָפן, וואָס פרעדיגן טוגענד און מאָראַל און טוען אליין ניט דאָס, וואָס זיי פרעדיגן. ער באַפאַלט די טעאָלאָגן, די דאָקטוירים־שאַרלאַטאַנער, די אלכעמיקער, די יוריסטן, וואָס האָבן געוואוסט אויסווייניק די קאָדעקסן און האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם פילאָזאָפישן זין פון מענשלאַכע רעכטן. קורץ, מענשן פון אלע פראָפעסיעס, וואָס זיינען געווען קעגן דער פאָן פון הומאַניזם, וואָס פעטראַרקא האָט ארויסגעשטעלט, האָבען אין אים געפונען אַ פאַנאַטישן פאַרפאָלגער.

מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ סך קוראַזש און מוט, כדי ארויסצוטרעטן מיט אזאַ פרעדיגן, בעת די אַסטראָלאָגן זיינען געווען אָנגעלייגטע פאַרשוינען ביי די הויפן פון די מאַכטהאָבנדיקע און די טעאָלאָגן גופא האָבן געשטיצט די אבערגלויבעריי אין פאָלק. אין די אוניווערזיטעטן פון פאַדוא און באָלאָניען זיינען געווען קאַפעדרעס פון אסטראָלאָגיע, און ניט אומזיסט האָט פעטראַרקאַ זיי אָנגערופן די פאַרשפרייטער פון אומוויסנקייט און האָט זיי אָנגעוויזן אויף דעם, אַז ציצעראָ (איינער פון די גרעסטע רוימישע רעדנער) האָט זיך אויפגעהויבן איבער דער אבערגלויבעריי פון המון, וואָס האָט געגלייבט אין די פאָרזאָגונגען פון די אָגורן.

פעטראַרקא האָט געוואָלט, אַז די אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט און דער פילאָזאָפיע זאָל זיין ניט פוסטע, אַבסטראַקטע באַגריפן, נאָר זיי זאָלן דינען צום אויפהייבן די מאָראַל און דעם מענשלאַכן גייסט.

פעטראַרקא איז געווען אַ מענש מיט אַ זעהר קאָמפּליצירטער נאַטור, פול מיט טיפע ווידערשפרוכן. אָנפאַלנדיג אויף די טעאָלאָגן פון יענער צייט, איז ער אליין געווען אַ פרומער קריסט. ער האָט אָבער אָנערקאָנט נאָר קריסטוסעס לערע, וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען אויף אַן אייגענאַרטיגן אופן. זיין ליבע צו רום, צו באַוואוסטקייט, איז געווען כמעט אַ קרענקלאַכע. ער האָט געשטרעבט צו בלייבן באַוואוסט ביי די צוקונפטיקע דורות. אָבער דאָס איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון זיינע באַשעפטיגונגען מיט'ן קלאַסישן אלטערטום. דער דראַנג צו כבוד, צו רום, צוליב וואָס מענשן פלעגן מיט זעלבסטפאַרלייקענונג אויספירן די גרעסטע העלדענטאַטן, איז געווען ניט אין איינקלאַנג מיט'ן גייסט פון דער קריסטליכער אונטערטעניגקייט און ביסלאַכווייז איז דאָס דאָזיקע געפיל אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס דאָזיקע געפיל האָט אויפגעלעבט אויפ'סניי אין פעטראַרקאַן, וועלכער האָט געזוכט רום אין די צוקונפטיקע דורות, אזוי ווי זיינע באַליבטע העלדן פון אלטערטום.

צוזאַמען דערמיט איז פעטראַרקא דער פאָר־פאָטער פון דעם א י נ ד י ו ו י ד ו א ל י ז ם. דער מיטלאַלטערליכער לעבנס־נוסח, טיילווייז אונטער דער ווירקונג פון דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג, האָט אומעטום באַשאַפן קהלה־אָרדענונג: פאַריינען, קאָרפאָראַציעס, צעכן; די ריטערליכע און מאָנאַכישע אָרדנס האָבן צוגעדריקט יעדע אַנטפּלעקונג פון אינדיווידואַליזם; מענשן האָבן געלעבט און געאַרבעט נאָר אין די אינטערעסן און מיט די אינטערעסן פון דער קהלה, פון דער חברותא, צו וועלכער זיי האָבן אָנגעהערט; דאָס לעבן פון די מאַסן איז געווען פון דער אויסערליכער זייט העכסט איינגענאַרטיק, און אויב איינצעלנע פערזענלאַכקייטן האָבן זיך אויסגעטיילט, זיינען זיי געווען נאָר ווי ערשטע צווישן גלייכע, ווי אויסדריקער פון די מיינונגען, באַגערן און צילן פון זייערע געזינונגס־גענאָסען, וואָס פון זיי זיינען זיי אויף דעם אָדער יענעם אופן געווען אָפּהענגיק, זיי זיינען ארויסגעטראָטן אַלס פאַרשטייער פון זייער שטאַנד, פון זייער קאַסטע, און ניט אויף זייער אייגענער אחריות.

פעטראַרקא אָבער, אויף זיין וועג צו שטודירן דעם קלאַסישן אלטערטום, איז צו קיינעם מיט קיין זאַך נישט געווען פאַרפליכטעט, אויסער צו זיך אליין און צו זיינע באַליבטע אלטערטימליכע חכמים און פאָעטן, מיט קיינעם איז ער אין אָט דער אַרבעט ניט געווען פאַרבונדן און פון קיינעם איז ער נישט געווען אָפּהענגיק. פעטראַרקא האָט געאַרבעט נאָר לויט זיין אייגענעם רצון און צוליב זיין אייגענער באַרימטקייט. אומעטום איז אויפ'ן ערשטן פלאַן געווען ביי אים זיין אייגענע פערזענליכקייט. אין דאַנטען, וואָס האָט איינזאַם זיך דערווייטערט פון רוישיגן המון, וואָס איז אַוועק מיט זיינע טרוימערייען אין אַ יענער וועלט פון אַ וועלט פון לעבעדיקע, איבער וועלכע ער האָט געפילט זיין פאָרצוג, זען מיר שוין דעם אָנהייב פון דעם נייסטען אינדיווידואַליזם, וואָס מוז פאַרבייטן דעם מיטלאַלטערליכן געזעלשאַפטס־שטייגער פון לעבן, וואָס דריקט צו די פערזענליכקייט. ביי פעטראַרקאַן אַנטפּלעקט זיך דער דאָזיקער אינדיווידואַליזם העלער, פאַרשידנאַרטיקער און אַקטיווער. ניט נאָר ער אליין שטרעבט זיך א ו י ס צ ו ט י י ל ן פ ו ן ה מ ו ן, זיך אויסצוצייכענען אין אים, צו דערשלאָגן זיך אכטונג ביי די צייטמענשן און רום ביי די צוקונפטיקע דורות, נאָר דעם המון גופא באַטראַכט ער אינגאַנצן ניט פון דעם פריערדיקן שטאַנדפונקט, ס'הייסט פון אַן אומפערזענליכער אין אירע באַשטאַנדטיילן קאָרפאָראַציע, נאָר ער זעט אים אַלס אַזעלכן, וואָס באַשטייט פון מיטגלידער, פון וועלכע איטליכער באַזיצט זיינע אייגענע אייגנשאַפטן און גייט צו דעם דאָזקן לעבן מיט זיין וועג.

אפילו אין דער געשיכטע אינטערעסירט פעטראַרקאַן דאָס לעבן און שיקזאַל פון גאַנצע פעלקער אַ סך ווייניקער, ווי דאָס לעבן און די העלדנטאַטן פון איינצעלנע פערזאָנען, פון העלדן. פעטראַרקא איז דער נביא פון אינדיווידואַליזם, און קוים וועט מען זיך טועה זיין, ווען מ'וועט נאָך אין אים זוכן דעם אָנהייב פון יענער פרייהייט פון דער פערזענליכקייט, וואָס איז פיל שפעטער פאָרמולירט געוואָרן אין די ווערטער: „די פרייהייט פון יעדן מענשן ענדיגט זיך דאָרט, וואו עס הייבט זיך אָן די פרייהייט פון דעם צווייטן.“

נאָר צוזאַמען מיט דער רעכטס־ערקענטניש פון דעם אינדיווידואַליזם און מיט דער שטרעבונג צו אים האָט פעטראַרקא דערזען, אַז דאָס גאַנצע לעבן פון די מענשן איז אַן אומאויפהערליכער קאַמף ניט נאָר מיט דער נאַטור און מיט אַנדערע באַשעפעניש, נאָר אויך איינער מיט'ן צווייטן. און אפילו אין יעדן איינצעלנעם אינדיווידואום באַמערקט זיך אַן אייביגער קאַמף מיט זיך אליין, און דאָס דאָזיקע באַוואוסטזיין האָט ארויסגערופן אין פעטראַרקאַן יענעם פינסטערן, קרענקליכן זעלן־צושטאַנד, וואָס אזוי ווי ביי אים, אזוי אויך אין די שפעטערדיקע צייטען האָט זיך גערופן — ד ע ר ו ו ע ל ט ־ ש מ ע ר ץ.

פעטראַרקא האָט זעהר פיל זיך באַשעפטיגט מיט וויסנשאַפט, אָדער מיט דעם, וואָס האָט זיך דעמאָלט גערופן וויסנשאַפט, ס'הייסט מיט שטודירן די קלאַסיקער און מיט פאַרפאַסן לאַטיינישע טראַקטאַטן, בריף און געדיכטען. ער האָט אַנטדעקט אַ סך מאַנוסקריפטען, וואָס זיינען פריער געווען אומבאַוואוסט. קיינער האָט אזוי ניט ליב געהאַט די קלאַסיקער, ווי ער. פאַרשענדיק די קלאַסיקער, האָט ער באַקומען אזוי פיל אכטונג און באַגייסטערונג פאַר רוים, אַז ער האָט די „אייביגע שטאָט“ באַזונגען אין זיין „אפריקע“. ער האָט געשריבן פילאָזאָפישע טראַקטאַטן, ער האָט צונויפגעשטעלט אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע, געאָגראַפישע און אַרכעאָלאָגישע ווערק, וואָס באַלייכטן פאַרשידענע פראַגען פון דעם אלטערטום. ער האָט אַוועקגעלייגט אַ יסוד פון היסטאָרישער קריטיק, באַווייזנדיק די געפעלשטקייט פון מאַנכע דאָקומענטן, וואָס אין זייער וואָרהאַפטיקייט האָט קיינער ניט געצווייפעלט. ער האָט געלייגט דעם יסוד פון דער הומאַניסטישער פילאָזאָפיע, צום ערשטן מאָל אָנווייזנדיק אויף פלאַטאָנען, ווי אויף אַ פילאָזאָף, וואָס איז ווירדיגער שטודירט צו ווערן, ווי דער אָפּגאָט פון מיטלאַלטער, אריסטאָטעל, און אויף דער עטיק, ווי אויף אַ דיסציפלין, וואָס איז אינטערעסאַנטער ווי מעטאַפיזיק און דיאַלעקטיק. ער איז געווען דער ערשטער זשורנאַליסט. קורץ, אויף אלע געביטן פון דער ליטעראַטור, וואָס האָט אַ שייכות צו געלערזאַמקייט, איז פעטראַרקא געווען אַן אמת'ער פיאָנער. ער איז דער פאָטער פון הומאַניזם. פון זיינע ווערק האָבן געלערנט גאַנצע דורות געלערטע. און ביי אלעם דעם איז ער געווען אַ מענש מיט אַ קליינער נשמה, וואָס איז אזוי טיפיש פאַר זיין צייט. זיין עגאָאיזם איז דער בולט'סטער שטריך אין זיין כאַראַקטער. ער האָט ליב געהאַט נאָר זיך אליין. זיין ליבע צו לאַוראַן, וועלכע ער וויל פאַרשטעלן פאַר אַ אידעאַלע ליבע, איז עגאָאיסטיש, ווי יעדע ליבע.

כדי אָפּצוהיטן זיך פון לעבנס־שטורמס, האָט פעטראַרקא כאַר קיין זאַך זיך ניט אָפּגעשטעלט. דאַרף מען חניפה — האָט

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## 2. פּראָזע פאַר קינדער

### ג.

### היסטאָרישע געשטאַלטן און לעגענדעס.

די אידישע קינדער־ליטעראַטור, וואָס ווערט איצט געשאַפן, מוז נעמען אַ סך פון אַנדערע ליטעראַטורען. אָבער אויך פון אונזער אייגענער אַלטער ליטעראַטור האָט זי צו שעפּן און צו שעפן. אונזערע אַלטע, האַלב־פאַרשאָטענע, ברונימער וואַרטן, מיר זאָלען קומען און טרינקען פון זיי. די נייערע אידישע ליטעראַטור איז אַ געוויסע צייט געווען גרויס־האַלטעריש אָדער, פאַרקערט, עניוות'דיק, און זי האָט זיך באַנונענט דערמיט, וואָס זי אַליין פאַרמאָגט. זי האָט אָבער געמוזט, סוף כל סוף, דערפילן, אַז די עלטערע שוועסטער אירע, די העברעאישע, העברעאיש־אַראַמעאישע און עברי־טייטש־ליטעראַטורן האָבן אויפגעהיט פאַר איר אַ ירושה, וועלכע קאָן איר דינען פאַר צידה לדרך — פאַר נערונג אין דעם לאַנגען וועג, וואָס פירט זי צו די שפּעטערדיקע צייטען. די ירושה איז פאַר איר ניט קיין לאַסט; זי שטערט איר ניט גיין פאָרויס, אַלץ ווייטער און ווייטער, ווי עס שטערן ניט די וואָרצלען, נאָר, פאַרקערט, זיי העלפן דעם בוים צו וואַקסן און צו הייבען זיך אַלץ העכער און העכער צו דער זון. די היינטיקע אידישע ליטעראַטור ציט זיך מיט אירע צווייגן און בלעטער און בליאונגען צו דער צוקונפט, אָבער מיט אירע וואָרצלען גראָבט זי זיך אַלץ טיפער אין די פאַרבאָרגענע שיכטן פון אונזער דור־דורות'דיקן פאָלקסשאַפן. און אַזוי דאַרף טון אויך אונזער קינדער־ליטעראַטור. מיט יעדן אבן־טוב, וואָס זי ציט אַרויס פון דעם פאָלקס אונטערערדישע טיפעניש, דאַרף זי שטאָלצירן.

און זי מעג אויך שטאָלץ זיין מיט די פּערל, וואָס עס האָט אויפגעקליבן אויפ'ן דעק פון דעם ים אַלטע אידישע אגדות דער פאַרשטאָרבענער ר' מרדכי'לע (טשעמערינסקי) אין זיין ביכעל „שלמה המלך און דער אַשמדאַי“ („רייכעלס אילוסטרירטע קינדער־ביבליאָטעק“, ווילנע, 1917). ר' מרדכי'לע האָט דאָ אונז געוויזן די רייכקייט פון די אַלטע אידישע אגדות אינאיינעם מיט די אוצרות פון דער אידישער שפּראַך. די אוצרות פון אונזער אידיש זיינען דאָ אפשר שוין צו רייך. ר' מרדכי'לעס שרייבן טראָגט בכלל, אַזוי צו זאָגען, אַ „לינגוויסטישן“ כאַראַקטער, ד. ה. די שפּראַך איז ביי אים אַזוי ווי אַ ציל פאַר זיך אַליין. ער פוצט זי און שלייפט זי אַזוי, אַז זי ווערט אָפטמאָל צו שיין, צו יום־טוב'דיק; זי פאַרלירט די פרישע, נאַאיווע איינפאַכקייט פון דעם אַלטן פאָלקס־אידיש און די אַלטע פאָלקס־מעשיות. זי איז אין איינינע שטעלן ביי אים, פשוט, „צו גוט“, צו קונציק פאַר אַ פאָלקס־מעשה. דאָס פילט זיך דערהויפּט, וואו ער נעמט שרייבן מיט גראַמען, אַ שטייגער, אין קאַפּיטל ז', וואו עס דערציילט זיך, ווי שלמה המלך האָט געלאָזט רופן אַלע שדים און רוחות פון אַלע פלעצער און וויסטע וועלדער, זומפּן און וויספּעס, ימים און מדבריות און זיי נעפרענט: „זאָגט מיר, וואו איז אייער קיניג, דער אַלטער אַשמדאַי?“ און די רוחות הייבן אָן צו שיטן מיט גראַמען, ווי פורים־שפּילער: „דאַרפט אונז ניט אַזויפיל שרעקן, ווייל מיר וועלן דיר דעם סוד אַנטפּלעקן. דאָרט אויף יענער זייט הרי חושך — ווייט דאָרט, וואו דער גיהנום האַלט ברייט אָפען זיינע פינסטערע טויערן; וואו ס'פלאַקערט אומגעהייער אַ געמיש פון העליש־פייער, שוואַרץ און רויט; וואו מיט שאַל און קנאַל שליידערט זיך אַ וואַסערפאַל פון גרינע גאַל“ א. אַז. וו. אָבער נישט געקוקט אויף איינצעלנע ניט־געראָטענע שטעלן, איז עס דאָך אַ גוטער געשאַנק דער אידישער קינדער־ליטעראַטור. דאָ זיינען אַנגעצויגן אויף איין שנירעל כמעט אַלע וואונדערליכע מעשיות, וואָס זיינען פאַראַן אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור וועגן שלמה המלך און דעם אַשמדאַי.

מיט שלמה המלך גיט זיך אָפּ אויך דאָס ביכל „שלמה המלכ'ס משפּט“ (אין „רייכעלס אילוסטרירטער קינדער־ביבליאָטעק“). אָבער דאָס איז גענומען ניט פון ערשטן מקור, נאָר פון קופּרינס — אַגב, אַליין פאַר זיך נישט גאָר געלונגענער דערציילונג „שולמית“, און עס פעלט אין דעם פרישקייט.

אַן אָריגינעל מעשה'לע, וואו עס פיגורירט שלמה המלך, האָט אָנגעשריבען הערמאַן גאָלד. ער האָט עס אַ נאָמען געגעבן — איך ווייס ניט פאַרוואָס — „אין וואַלד“ (פאַרלאַג „אידיש“, אין דער סעריע „פאַר אייך און אייערע קינדער“, ניו־יאָרק, 1919.) דעם אינהאַלט פון דעם מעשה'לע האָט הערמאַן גאָלד אַליין צונעטראַכט, פון די אַלטע אגדות האָט ער גענומען נאָר אַ פּאָר נעמען און בילדער (שלמה המלך, דער אָדלער א. ד. ג.), און אויך דער טאָן איז גאָלדס אַן אייגענער, און ערטערווייז איז דאָ אין אים באמת עפּעס קינדרישס. אָבער די זאַך אינגאַנצן איז צו לאַנג, דאָס אינגעלע, וואָס אַן אָדלער האָט אויף זיינע פליגלען אים געבראַכט צו שלמה המלך, — רעדט צופיל און — צו שיין. דערהויפּט צעגיסט זיך דאָס אינגעלע אין מליצות, ווען עס רעדט וועגן זיין פאָטער, וועלכן ער גייט זוכען: „. . . , הויך איז ער און שטאָלץ, ווי אַ טענענבוים, און זיינע אויגן זיינען ליכטיגע און גרויסע, און זיינע האָר זיינען שוואַרץ, ווי די נאַכט פון וואַלד, און זיינע טריט זיינען פעסט, און פול מיט לוסט און באַגער“ (וואָס איז עס, אַגב, פאַר אַ „לוסט און באַגער“, וועגן וועלכע עס רעדט דאָס אַכט־יאָריג אינגעלע?) און אין אַן אַנדער שטעלע זאָגט דאָס אינגעלע וועגן זיין פאָטער, אַז „ער איז העכער און שטאָלצער פון דעם טענענבוים, און זיינע אויגן זיינען גרעסער און ליכטיגער פון דער זון (זיינע אויגען זיינען גרעסער ווי די זון?). עטליכע מליצות געברויכן אויך די פייגלעך, ווען זיי רעדען, — און דאָס גיט־צו דער זאַך עפּעס אַ זיסליכען „ליטעראַרישען“ ביינעשמאַק. קינדער האָבען עס פיינט. מיט זיי דאַרף מען זיין זאַכלאַך. זייער ווערטערבוך באַשטייט דערהויפּט פון קאָנקרעטע סובסטאַנטיוום און ווערבן (זאַכן און האַנדלונגען). ביי הערמאַן גאָלדן אין דעם מעשה'לע זיינען דאָ צופיל אַדיעקטיווס (גרויס, ליכטיג, שטאָלץ.) ווען ניט אָט דער גרויסער פעלער, וואָלט די זאַך געווען גוט, ווארום — איך חזר איבער — אין דעם אינעווייניגסטען ריטם פון הערמאַן גאָלדס מעשה'לע איז דאָ עפּעס קינדרישס.

---

ער גע'חנפה'ט; דאַרף מען זיך דערנידריגן — האָט ער זיך דערנידריגט; דאַרף מען קרימען מיט דער נשמה, כדי רעכט־צופאַרטיגן אַ ניט־שיינע טאַט — האָט ער געקרימט מיט דער נשמה. אין פריינדשאַפט האָט ער וויניק זיך געגייטיקט און האָט ניט געוואוסט פון איר. דערפאַר אָבער האָט ער נעהאַלטן אין איין דערשלאָגן זיך צו כבוד און צו געלט. פאַר הויכע געפילען איז ער געווען קנאַפּ־וואָס צוגענגלאַך. אין פּאָליטיק איז פעטראַרקאַ געווען אַן אָפּאָרטוניסט. ער איז געווען פאַר יעדער מלוכה־סיסטעם, אפילו פאַר בלוטיגער טיראַניי, נאָר מען זאָל אים נוט באַצאָלן און צוטיילן כבוד.

# די שטראָף פאַר אײלעניש

פון י. ב. ביילין

מ׳זאָגט, אז ווען דער רבונו־של־עולם וואָלט ניט איבערגעלאָזט די באַשאַפונג פון מענשן אויף דעם לעצטן טאָג און אויף דער לעצטער מינוט, וואָלט ארויסגעקומען א פאָלקאָמענערע שטיקל ארבעט. אין אײלעניש זיינען פיל פעלערן ניט פאַרריכט געוואָרן און גאַנץ מעגלאַך, אז די „נקבים, נקבים און חלולים, חלולים“, מיט וועלכע דער זינדיקער מענש איז פול, איז ניט אזוי א רעזולטאַט פון חכמה, ווי פון ...אײלעניש...

די פלעשער טינט, וואָס זיינען אויסגעגאָסן געוואָרן אין די לעצטע צוויי מאָנאַטן אין די דעבאַטן איבער די אידישע אַרבעטער־רינג שולן, וואָלטן געוויס געקענט פאַרווענדט ווערן אויף א פּראָדוקטיווערער אַרבעט, ווען ניט די אומגליקלאַכע אײלעניש, מיט וועלכער די דעבאַטע איז געעפנט געוואָרן.

אזא באַוועגונג, ווי די אידישע שול־באַוועגונג אין אַלגעמיין און די א. ר. שול־באַוועגונג איבערהויפּט, האָט געוויס אויך פאַרדינט, אז אונזער פּרעסע זאָל זיך מיט איר פאַראינטערעסירן גלייך ביי איר אַנטשטיין. האָט ווער פון אונזערע סאָציאַליסטישע טוער און פירער, אויסער אין אונזער אייגענעם אָפּיציעלן אָרגאַן, נעפּרובט זיך אָנצייכענען געוויסע ליניעס פאַר אזא אַרבעט? האָט ווער פון אונזערע וואָרט־פירער געפּרובט זיך צו באַקענען נעענטער מיט דער פּראָבלעם, מיט די פאַקטן און מיט די מעגלאַכקייטן?

ליידער האָט קיינער, אויסער די וואָס זיינען דירעקט געוועזן פאַרבונדן מיט דער בילדונגס־טעטיקייט אין א. ר., דאָס ניט פאַרזוכט. איבער צוויי יאָר זיינען געשטאַנען עטלאַכע געצײלטע טוער אַליין אָן א גוט וואָרט, אָן אַן עצה, אָן קיינעמס הילף, און געבויט אין דער שטיל, מיט מי, מיט קרבנות. זיי האָבן אפילו כמעט אין ערגעץ ניט געהאַט קיין פּלאַץ, וואו איבערצובייטן זיך מיט א מיינונג, וואו אויסצולייטערן א געדאַנק. זיי האָבן געמוזט טיילן דעם גורל פון אַלע פּיאָנערן צו ווערן מיספאַרשטאַנען פון ברייטערן עולם און אָפּטמאָל אויך אפילו צו ווערן גרינגגעשעצט און אויסגעלאַכט...

אָן דער הילף פון דער פּרעסע, אָן דער הילף פון אונזער אינטעליגענץ — האָבן אונזערע ארבעטער, געפירט פון זייער געזונטן פּראָלעטאַרישן חוש, געעפנט איין שולע נאָך דער צווייטער. די באַוועגונג איז געווען א סטיכישע און האָט דעריבער נעדאַרפט האָבן אין זיך כאַראַקטעריסטישע סטיכישע פאָלגן — אומאיינהייטלאַכקייט. עס איז אָבער מערקווירדיק, וואָס כמעט אומעטום זיינען די הויפּט־יסודות, אויף וועלכע די א. ר. שולע באַזירט זיך, כמעט איינע און די זעלבע, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען ניט צוזאַמענגערעדטערהייט נעגרינדעט געוואָרן. די שולע אין האַרטפאָרד, די ווייטסטע שטאָט אין דער איסט, און די שולע אין עדמאָנטאָן, די ווייטסטע שטאָט אין דער וועסט, וואָס זיינען אָפּגערוקט איינע פון דער צווייטער אויף איבער דריי־טויזענט מייל, פירן דורך די זעלבע פּראָגראַם און האַלטן אָן אין אַלגעמיין דעם א. ר. גייסט אין דער שולע.

עס איז אָבער געווען אומפאַרמיידלאַך דאָ און דאָרטן געוויסע טעות׳ן. די פאַרשידענע אומשטענדן, די אין אָנהייב אײליג־אָנגעשטעלטע לערער, די פּאַרטיקע שולן, וואָס זיינען איבערגענומען געוואָרן פון דעם נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן חדר, און די נייקייט פון דעם גאַנצן שול־וועזן, האָבן באַזאָרגט דעם נאַציאָנאַלן בילדונגס־קאָמיטעט. פאַר דעם צוועק איז גערופן געוואָרן דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די א. ר. שולן. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַן ערפאָלגרייכער. ער איז פאָרגעקומען אין דעם האַרץ פון ניו־יאָרק, צוואַנציג מינוט רייזע פון איסט־בראָדוויי. האָט די אידישע פּרעסע אין אַלגעמיין און אונזער צייטונג, דער „פאָרווערטס“, איבערהויפּט, געשיקט אהין א פאַרטרעטער, א רעפּאָרטער אָדער גלאַט אזוי א קאָרעספּאָנדענט צו באַאָבאַכטן זאַכן און באַריכטן זיי, אַנאַליזירן און קריטיקירן אויב מ׳דאַרף?

ניין, עס איז קיינער ניט געווען. עס איז קיינער ניט געקומען. עס האָט קיינער גאָר ניט באַמערקט דעם גאַנצן צוזאַמענפאָר אויסער דער... „קונדרס“, וואָס האָט זיך געוויצלט און געשפּיצלט אויף דעם רעכענונג פון אונזערע א. ר. שולן און שול־טוער.

עס איז אוועקגעגאַנגען נאָך א יאָר. די שול־באַוועגונג האָט זיך נאָך ברייטער אַנטוויקלט. צוויי צענדליק נייע שולן זיינען געעפנט געוואָרן און די אַלטע זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט מסירת־נפש, מיט אָנשטרענגונג, מיט ליבע און טרייהייט פון אַלע די, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום זיי. הונדערטער און הונדערטער א. ר. מיטגלידער זיינען שוין דירעקט פאַראינטערעסירט געוואָרן אין אונזערע שולן. זיי האָבן דאָרט געהאַט זייערע קינדער און געווען שטאָלץ מיט זיי. זיי האָבן שוין דאָרט אַריינגעלייגט א היבש ביסל כחות. אָבער אונזער פּרעסע האָט נאָך אַלץ די גאַנצע באַוועגונג ניט באַמערקט און אפשר יאָ באַמערקט, נאָר באַוואוסטזיניק פאַרשוויגן.

מיר האָבן פון אָנהייב יאָר אָנגעהויבן ארויסצוגעבן א מאָנאַטלאַכן אילוסטרירטן זשורנאַל „קינדערלאַנד“, אַלס לעז־מאַטעריאַל פאַר די קינדער פון אונזערע שולן. מיר האָבן אַריינגעשיקט קאָפּיעס אין יעדער רעדאַקציע, אָבער אפילו אונזער „פאָרווערטס“ האָט אים אויך פאַרשוויגן.

און ווידער האָט דער נאַציאָנאַלער בילדונגס־קאָמיטעט פון א. ר. פאַררופן א צוזאַמענפאָר פון אונזערע שולן, דאָס מאָל אין קליוולאַנד. און ווידער האָט **אונזער** פּרעסע אים פאַרשוויגן און ניט אינטערעסירט זיך אפילו מיט זיינע רעזאָלוציעס.

דערפאַר איז מיט אַמאָל צו דער געלעגנהייט פון דער א. ר. קאָנווענשן אין באָסטאָן דערשינען אין „פאָרווערטס“ דריי עדיטאָריעלס, אויסער א ריי אַנדערע אַרטיקלען, וואָס האָבן געהאַט אַלע סימנים פון שלעכטער, אומפּינקטלאַכער אינפאָרמאַציע און **איבעראײלקייט**. זיי האָבן אויפגעפאָדערט די מיטגלידער פון א. ר. ניט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די „ציוניסטן און שאָוויניסטן“, אין וועמענס הענט עס געפינט זיך כלומר׳שט די פירערשאַפט פון די א. ר. שולן.

**איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון אונזערע שולן איז צו דערציען אונזערע קינדער אין א פרייען, טאָלעראַנטן, אינטערנאַציאָנאַלן און סאָציאַליסטישן גייסט**, און דאָ רופט אונז אָן אונזער אייגענע צייטונג, אָן קיינע אויספאָרשונגען פון ערשטע קוואַלן — „רעאַקציאָנערן און שאָוויניסטן.“

מיר לערנען אונזערע קינדער **אידיש**, כדי זיי זאָלן **קענען איבערנעמען דאָס שענסטע און בעסטע פון אונזער ליטעראַטור און קולטור** און זיי זאָלן בלייבן פאַרבונדן מיט אונז אויך גייסטיג און אינטעלעקטועל, — וואַרפט מען אונז פאָר קינדערשע חטאים, אז מיר לערנען די קינדער זאָגן בולבעס אַנשטאָט „פּאָטייטאָס“.

מיר ווילן אָפּשוואַכן די ווירקונג פון דער בורזשואַזער „פּאָבליק־סקול“ און פאַרפלאַנצן אין די קינדער די אײדעלסטע זייטן און די סאָציאַליסטישע עטיק — זאָגט מען אונז, אז מיר רייסן אָפּ די קינדער פון ענגליש און אז מיר מאַכן זיי פאַר גרינע, פּונקט ווי מיט דעם, וואָס מ׳לערנט א צווייטע שפּראַך, מוז מען פאַרגעסן די ערשטע שפּראַך.

צוליב דער אײלעניש און מיסאינפאָרמאַציע האָט, ניט ווילנדיק, דער „פאָרווערטס“ געבראַכט פיל שאָדן די ארבעט און מי פון פיל, פיל א. ר. טוער אויפ׳ן קולטורעלן געביט.

די באַהויפּטונג, אז אידיש האָט קיין צוקונפט ניט אין אַמעריקע און דעריבער איז אומזיסט אונזער מי, וואָס מיר לערנען איר אונזערע קינדער, ווערט דאָך אזוי מייסטערהאַפט געענטפערט אין דעם „פאָרווערטס“ פון 25־טן יוני, פון דעם דיכטער א. ליעסין אין זיין וואונדערבאַרער פּאָעמע — „אידיש“:

„און זוך זי אין מיר, אָט די פאָלקס־זעל די שטילע,
און שרעק זיך ניט טאָמער ווען וועל איך פאַרגיין;
וועט אייביג דען לעבן די אומה אפילו?
וועט אייביג דען לעבן דאָס לעבן אַליין?

# איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט

## אַ קורצע דערקלערונג

פון ל. באַראַדולין

## 3.

וואָס זיינען די שטראַלען פון ליכט? וואָס אַזוינס פאַרשפּרייט זיך פון יעדען קוואַל פון ליכט, וואָס מאַכט אונז צו זעהן אַלע זאַכען אַרום אונז?

אַמאָל האָט מען גערעכענט, אַז ווען אַ זאַך איז אָנגעגליט אָדער עס ברענט, פאַרשפּרייטען זיך פון אָט דער זאַך אומגעהייער קליינע טיילכעלעך פון מאַטעריע. אָט די קלייניגקע טיילכעלעך מאַטעריע ווערען ווי אַרויסגעשאָסען פון דער ברענענדער אָדער אָנגעגליטער זאַך, זיי פאַרשפּרייטען זיך שטענדיג אין גלייכע ליניעס, און ווען זיי דרינגען אַריין אין אונזערע אויגען און צרייצען דאָרטען געוויסע נערווען, מאַכען זיי אויף אונז דעם איינדרוק פון ליכטיגקייט. אָבער מיט דער אַנטוויקלונג פון די עקספּערימענטאַלע וויסענשאַפטען איז מען געקומען צום באַשלוס, אַז פון יעדען קוואַל פון ליכט פאַרשפּרייטען זיך ניט קיין טיילכעלעך מאַטעריע, נאָר אַ געוויסער מין כוואַליעס. דאָ איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשיד. ווען מען זאָגט, אַז פון קוואַל פון ליכט פאַרשפּרייטען זיך שטיקלעך מאַטעריע, מיינט עס, אַז די שטיקלעך מאַטעריע — עס מאַכט ניט אויס ווי קליין זיי זיינען — געהען פאַקטיש אַריבער פון דעם קוואַל פון ליכט צו אַלע אַרומיגע זאַכען, אונזערע אויגען אַריינגערעכענט. און ווען מען זאָגט, אַז דאָ באַוועגען זיך כוואַליעס, מיינט עס, אַז עס באַוועגען זיך נאָר די כוואַליעס, און ניט יענער מאַטעריאַל, פון וועלכען די כוואַליעס באַשטעהען. מיר זעהען ווי איבער די ימים, אָקעאַנען און אַזערעס טראָגען זיך גרויסע כוואַליעס אין אַ געוויסער ריכטונג; אָבער דאָס באַוועגען זיך נאָר די כוואַליעס; דאָס וואַסער בלייבט אויף איין אָרט און טראָגט זיך ניט אַריבער.

און נאָך אַ זאַך: אויב ליכט־שטראַלען זיינען כוואַליעס, ראַן פרעגט זיך — כוואַליעס פון וואָס? מיר קענען זיך דאָך ניט פאָרשטעלען, אַז עס זאָלען קענען זיין כוואַליעס פון גאָרניט. מוזען עס דאָך זיין כוואַליעס פון אַ געוויסען מאַטעריאַל. אַז די ליכט־שטראַלען זיינען ניט קיין כוואַליעס פון לופט, דאָס ווייסען מיר אויף זיכער. דאַן איז דאָך די פראַגע, וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַטעריאַל, וואָס זיינע כוואַליעס שטעלען מיט זיך פאָר די שטראַלען פון ליכט? און אַזוי ווי קיין אַנדער אויסוועג איז ניט געווען, איז געבליבען, אַז די גאַנצע נאַטור איז אָנגעפילט מיט אַזאַ זעהר דינעם מאַטעריאַל, וועלכען מען האָט אָנגערופען „עטהער". דער עטהער מוז זיין זעהר דין, ווייל ער געהט לייכט דורך דורך אַזאַ געדיכטען מאַטעריאַל, ווי גלאָז; און דער עטהער פילט אָן דעם גאַנצען וועלט־רוים, ווייל מיר זעהן די זון און די שטערען, וועלכע געפינען זיך פילע ביליאָנען מייל ווייט פון אונז.

און אָט דער שטאַנדפּונקט בנוגע די ליכט־שטראַלען האַלט זיך אין דער וויסענשאַפט נאָך ביז היינטיגען טאָג. אַז ליכט־שטראַלען פאַרשפּרייטען זיך אין דער פאָרם פון כוואַליעס — אין דעם צווייפעלט מען ניט. מען האָט זאָגאַר אויסגעמאָסטען די שנעלקייט, מיט וועלכער אָט די כוואַליעס פאַרשפּרייטען זיך און די גרויס פון די כוואַליעס אין יעדען פאַל באַזונדער. אָבער וועגען דעם עטהער איז מען ווייט ניט זיכער. צו אונטערזוכען, אָדער אַנאַליזירען, אָדער דערווייזען די עקזיסטענץ פון עטהער איז ניט מעגליך מיט יענע מיטלען, וועלכע די וויסענשאַפט באַזיצט איצטער. פּראָפ. מאַיקעלסאָן פון שיקאַגאָ האָט יאָ געהאַט דורכגעפירט אַ רייע עקספּערימענטען (די אַזוי־גערופענע „מאַיקעלסאָן־מאָרלעי עקספּערימענטען") מיט'ן צוועק צו דערשפּירען די עקזיסטענץ פון דעם עטהער, אָבער די עקספּערימענטען האָבען געגעבען נעגאַטיווע רעזולטאַטען. זיי האָבען ניט דערוויזען, אַז קיין עטהער איז ניטאָ; זיי האָבען אָבער ניט דערוויזען, אַז עטהער איז יאָ פאַראַן.

מיט איין זאַך איז מען געווען זיכער בנוגע די ליכט־שטראַלען. אין דער וויסענשאַפט איז מען געווען איבערצייגט, אַז די שטראַלען פון ליכט פאַרשפּרייטען זיך שטענדיג אין גלייכע ליניעס און פאַרבייגען זיך נאָר דעמאָלט, ווען זיי געהען אַריבער פון אַ מאַטעריאַל פון איין געדיכטקייט אין אַ מאַטעריאַל פון אַ צווייטער געדיכטקייט, אַ שטייגער ווי פון דער לופט אין גלאָז אַריין, אָדער אין וואַסער אַריין. אָבער ווען די באַדינגונגען זיינען שטענדיג די זעלבע, בייגען זיך די שטראַלען ניט אויס. די שטראַלען פון ליכט זיינען באַטראַכט געוואָרען אַלס דער אידעאַל פון גלייכע ליניעס, און אויף דעם גרונד האָט מען אויסגעמאָסטען די ווייטקייט פון דער זון, די לבנה און ווייטע שטערען.

און פּלוצים איז געקומען איינשטיין און האָט איבערראַשט די וועלט מיט זיין נייער דערקלערונג, אַז שטראַלען פון ליכט בייגען זיך אויס ווען זיי געהען פאַרביי גרויסע הימעלשע קערפּערס; אַז שטראַלען פון ליכט זיינען אונטערוואָרפען צום געזעץ פון גראַוויטאַציע, און דעריבער, ווען די שטראַלען פון אַ געוויסען שטערען וועלען פאַרבייגעהן געגנוג נאָענט פאַרביי אַזאַ גרויסען הימעלשען קערפּער ווי אונזער זון, וועלען זיי ווערען עטוואָס צוגעצויגען צו דער זון, און דעריבער ווערען אַביסעל אויסגעבויגען. צו אַזאַ באַשלוס איז ער, איינשטיין, געקומען אַרויסגעהענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט.

מיט אָט דער דערקלערונג זיינער איז ער אַרויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט נאָך פאַר דער מלחמה, און וועגען דעם האָט מען דאַן געוואוסט נאָר אין די ענגע וויסענשאַפטליכע קרייזען, וואו מען פאָלגט נאָך יעדען נייעם געדאַנק, יעדע נייע טעאָריע. דער ברייטער עולם האָט וועגען דעם ניט געוואוסט און עס האָט אים ניט אינטערעסירט צו וויסען, ווייל דער ברייטער עולם קאָן זיך ניט איינהערען צו יעדער נייער מיינונג, וואָס באַזונדערע געלערנטע דריקען אויס.

אָבער איינשטיינס דערקלערונג איז געווען ניט נאָר אַ מיינונג, נאָר אַזאַ טעאָריע, וועלכע מען קאָן אויספּרובירען דורך עקספּערימענטען. און דאַן האָט די ענגלישע אַסטראָנאָמישע געזעלשאַפט באַשלאָסען די זאַך צו אונטערזוכען און עקספּערימענטאַל אויספּרובירען. כדי צו מאַכען דעם נייטיגען עקספּערימענט, האָבען זיך געפאָדערט אויסשליסליך גינסטיגע באַדינגונגען: מען האָט עס געקענט אונטערזוכען נאָר אין דער צייט פון אַ פולער לקוי חמה. אין חודש מאַי פון יאָר 1919 איז אַזאַ לקוי חמה פאָרגעקומען, און די בעסטע פּונקטען עס צו באָאָבאַכטען זיינען געווען אַ געוויסער פּונקט אין בראַזיל, זיד־אַמעריקע, און אויף אַ געוויסען אינזעל ביי די וועסטערליכע ברעגען פון אַפריקע. און אָט אויף די צוויי פּונקטען האָט עס די אַסטראָנאָמישע געזעלשאַפט געשיקט צוויי באַזונדערע עקספּעדיציעס. אין דעם מאָמענט, ווען די לקוי חמה איז פאָרגעקומען, האָט מען פאָטאָגראַפירט אַ טייל פון הימעל, וואו עס האָבען זיך געזעהן אי די פאַרשטעלטע זון, אי צוויי געוויסע שטערען, וואָס האָבען זיך געפונען אי נאָענט איינע צו דער צווייטער, אי נאָענט צו דער זון, ד. ה. אַז מען האָט פאָטאָגראַפירט אַ פּאָר שטערען, וועמעס שטראַלען זיינען, געהענדיג צו אונז, פאַרבייגעגאַנגען זעהר נאָענט צו די ברעגען פון דער זון.

עטליכע חדשים שפּעטער, ווען די ערד האָט זיך אויף אַזוי פיל אויסגעדרייט אַרום דער זון, אַז די אויבענדערמאָנטע צוויי שטערען זיינען אויסגעקומען אַ סך ווייטער פון דער זון, האָט מען זיי, אָט די צוויי שטערען, ווידער פאָטאָגראַפירט. דערנאָך האָט מען די פאָטאָגראַפיעס געבראַכט אין די אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַטאָריעס אין ענגלאַנד און אויסגעמאָסטען זיי מיט די פּינקטליכסטע אינסטרומענטען. און אויף דער זיצונג פון דער אַסטראָנאָמישער געזעלשאַפט, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן דעם 6־טען נאָוועמבער פון זעלבען יאָר 1919, זיינען די רעזולטאַטען פאַרעפענטליכט געוואָרען. און די רעזולטאַטען פון

די אויסרעכענונגען און אויסמעסטונגען, וואָס ביידע עקספּעדיציעס האָבען דורכגעפירט, זיינען געווען אַזעלכע, אַז זיי האָבען פאַקטיש באַשטעטיגט איינשטיינס טעאָריע. די פאָטאָגראַפישע בילדער האָבען דערוויזען, אַז די שטראַלען פון אַ שטערען געהען פאַרביי גענוי נאָענט צו די ברעגען פון דער זון, ווערען זיי אויסגעבויגען אין דער ריכטונג צו דער זון און פונקט אַזוי פיל, וויפיל איינשטיין האָט פאָראויסגעזאָגט.

אָט די עקספּערימענטען, וואָס די ענגלישע געלערנטע האָבען דורכגעפירט און וועלכע באַשטעטיגען די ריכטיגקייט פון איינשטיינס טעאָריע, האָבען אַ זעהר גרויסע, עפּאָכע־מאַכענדע באַדייטונג.

ערשטענס, דערוויזען זיי, אַז איינשטיין איז גערעכט מיט זיינע טעאָריעס און אַז זיין טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט האָט אונטער זיך אַ געזונטען באַזיס און געבויט אויף אַ געוויסען פונדאַמענט. צווייטענס, האָט עס אָנגעמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע סאַי אין פיזיקס און סאַי אין אַסטראָנאָמיע. מען האָט פריער גערעכענט, אַז די שטראַלען פון ליכט פאַרשפּרייטען זיך אין וועלט־רוים אין גלייכע ליניעס און אויף דעם גרונד האָט מען אויסגעמאָסטען די ווייטקייט פון פילע שטערען. און איצטער צייגט זיך אַרויס, אַז קיין גלייכע ליניעס זיינען אין נאַטור ניטאָ, און דעריבער זיינען די אויסרעכענונגען וועגען דער ווייטקייט פון די שטערען ניט אַלע מאָל ריכטיגע.

די דערוויזענע טעאָריע האָט נאָך אַ דריטע באַדייטונג: זי האָט אויף ס'ניי אויפגעהויבען די פראַגע פון עטהער. אויב די שטראַלען פון ליכט ווערען צוגעצויגען צו גרויסע הימעלשע קערפּערס, הייסט עס, אַז זיי באַשטעהען פון מאַטעריע; און אויב עס איז מאַטעריע, קאָן עס דאָך זיין דער עטהער, וועגען וועלכען מען האָט די גאַנצע צייט גערעדט. אָבער איינשטיין רעדט ניט וועגען עטהער; ער רעדט ניט וועגען ענערגיע. די שטראַלען פון ליכט באַטראַכט ער נאָר אַלס אַ פאָרם, אַלס אַן אויסדרוק פון ענערגיע. און דאָס פירט צום געדאַנק, אַז ענערגיע און מאַטעריע האָבען צווישען זיך עטוואָס געמיינשאַפטליכעס, און מעגליך, אַז זיי שטאַמען פון זעלבער שורש, אָדער אַז איינס שטאַמט אַרויס פון דאָס צווייטע. און ווען דאָס זאָל ווייטער באַשטעטיגט ווערען, וועט עס אָנמאַכען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דער וויסענשאַפט און אַלע אונזערע וויסענשאַפטליכע באַגריפען.

(שלוס אין נעקסטען אַרטיקעל.)

---

# די קאַץ און דער נאַכטיגאַל

(נאָך קרילאָוו)

פון נחום י.

אַ קעצל האָט געכאַפּט אַ נאַכטיגאַל אין וואַלד,
און האַלטנדיק אים אין די נעגעל, האָט זי באַלד
פאַרפירט מיט אים אַ רייד: — „איך האָב געהערט,
אַז פאַר דיין זינגען, ביזט דו אומעטום געערט;
מיר האָט דער פוקס דערציילט ניט לאַנג,
אַז פון דיין שטים, פון דיין געזאַנג
פאַרלירן גאָר די פּאַסטוכער דעם זינען;
איך וואָלט אַליין דאָס זעהר וועלן אויסגעפינען . . .
ניט האָב קיין מורא, טייערער, וואָס ציטערסט דו?
דיך אויפצעסן איצטער קלייב איך זיך ניט צו.
נאָר טו מיר בלויז צוליב, זינג עפּעס אויס, —
דאַן לאָז איך דיך צוריק אין גרינעם וואַלד אַרויס;
ווייל כ'האָב נגינה ליב ניט ווייניקער פון דיר.
עס האָט ניט איינמאָל שוין מיט מיר
געטראָפען,
אַז בורטשענדיק אַ לידל ווער איך זיס אַנטשלאָפען."
דער נאַכטיגאַל, דערוויל, האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן,
אין אירע נעגל דאָרט דעם אָטעם קוים געצויגן.
— „נו וואָס?" —
האָט נאָכגעפרעגט די קאַץ — „וועסט זינגען עפּעס וואָס?"
נאָר אונזער זינגער נעבאַך האָט ביי איר
געפּישטשעט, ניט געזונגען . . .
— „מיט דעם האָט דיר געלונגען
די הערצער אַלעמענס צו פאַנגען?" —
האָט אים די קאַץ געפרעגט מיט שפּאָט —
„און דאָס זיינען די צאַרטע ריינע קלאַנגען,
פון וועלכע אַלע רעדן דאָס אויף יעדער טראָט?
איך קאָן אַ פּישטשעריי אַזאַ, מוז איך דיר זאָגן,
פון מיינע קעצעלאַך אַפילו ניט פאַרטראָגן!
אַ זינגער, זע איך, ביזט דו גאָר אַ קליינער —
נאָר לאָמיך זען, צי טויגסט דו פאַר די ציינער . . ."
ניט לאַנג געטראַכט, —
האָט זי פון אונזער זינגער דאָ אַ סוף געמאַכט.

---

און זאָגן אויפ'ן אויער אייך, וואָס איך פאַרשטיי?
ס'איז אָך און ווי
צום נאַכטיגאַלס געזאַנגען,
ווען ער איז אין די נעגל ביי דער קאַץ געפאַנגען . . .

---

# טריט

פון אַרטור עסעלין

האַרט ווי טריט אין פראָסטיגן באַגינען,
גראָ־ווייך ווי דער ווינטערדיקער אָטעם פון אַ פערד
קומט אַמאָל גערינכטערהייט דער טויט
צו דעם, וואָס האָט שוין לאַנג אויף אים געוואַרט.
דעמאָלס האָט ער גאָרנישט ניט פאַרזאַמט,
און וואָס ער נעמט איז לאַנג פאַר אים געגרייט, —
צופּעליקע אַלטע לייט פון גאַס
מיט קלוגע, טרויערנדע אויגן
פאַרשפּיצטע — נאָכ'ן אָרון
געהען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

האַסטיק ווי אַ הירש אין אַ גאַלאָפּ,
מיט ברייטע, פינקלדיקע אויגן,
ווי ברוין גאָלד אין גלימערנדן אָקטאָבער,
פאַרשענד ווי דער ווינט, אויף גראָז און ים
ניט גערינכטערהייט
קומט אַמאָל דער טויט
צו דעם, וואָס האָט דעם ערשטן טראָט געמאַכט.
דעמאָלס האָט דער טויט שוין אַלץ פאַרזאַמט,
הינטער אים צעפּראַלן זיך די גרונטן
מיט סטאַרטשענדיקע, וויברירענדיקע זאָמען,
און רייצן אים, — ווי רויטע רייפע טרויבן
אויף ווינגענדיקע שפּיצן פון די ביימער,
מיט שפּראָצונג קעגן מחנות
הונגעריגע
שפּרינגענדיקע פוקסען.

# פראָהיבישן אַלס סאָציאַלע פראַגע

פון ד ר. א. חפץ

די פראגע פון פראָהיבישן איז אין אַמעריקע א פריילאכע; דאָס וואָרט אליין רופט ארויס א שמייכל אויף די ליפּן, ווען מען רעדט דערפון; ביי יעדער גלעזל משקה דערמאָנט מען דאָס געזעץ; אין דער פראגע פון פראָהיבישן קאָנקורירן די פעדעראלע רעגירונגס־באאמטע, מיט באאמטע פון שטאט גופא; די און יענע פאָדערן קאָלאָסאַלע סומען, ספּעציעל פאר פּאָליצייליים צום טרינקן, זיי זאָלן קענען קויפן שנאפּס, און דערמיט כאפּען די פארברעכער. פאקטיש מאכט מען אלקאָהאָל־געטראנקען, מען פירט זיי אריין פון איין לאנד (קענעדע) אין דעם צווייטן (פאראייניגטע שטאטען) פון איין שטאט אין דעם צווייטן, און אויך מען טרינקט.

פראָהיבישן אין פולער מאָס עקזיסטירט היינטיקן טאָג אויך אין סאָוויעט רוסלאנד; דאָרט איז זעהר שטרענג מיט טרייבן אלקאָהאָל־געטראנקען — ווייל אין מער וויכטיקע פאלן קאָן מען דערשאָסן ווערן, לויט אַן אורטייל פון געריכט, אָדער דער טשרעזוויטשאַיקע . . .

אלענפאָלס, איטליכער פראָהיבישן, א שטרענגער, ווי אין רוסלאנד, א לייבטער און פריילאכער, ווי אין אמעריקע, מאכט דאָס טרינקען שווערער און אומבאקוועמער, די געטראנקען טייערער, דאָס געברויך פון אלקאָהאָל־געטראנקען אין אלטעגלאכן לעבן מער און מער קאָמפּליצירט . . .

קאָן מען שטעלן, און מען מוז שטעלן, די פראגע, אויב דאָס איז בארעכטיגט; איז עס דען אזוי וויכטיק, דאָס דער גאנצער אפּאראט פון א גרויסער און פילמיליאָנענדיקער מדינה זאָל זיך שטעלן אויפּפּאסן, דאָס חיים אָדער ברוך זאָל גישט קאָנען נעמען א גלעזל בראנפן. וויסענשאפטלאך גערעדט — וואָס שטעלט פון זיך פאָר דער געברויך פון אלקאָהאָל פון סאָציאלן שטאנדפּונקט?

וועגן דער פראגע פון אלקאָהאָל איז זעהר פיל געשריבן געוואָרן — איך וויל דאָ ברענגען אין קורצן די רעזולטאטן פון די נייעסטע פּסיכאָלאָגישע און סאָציאלע אונטערזוכונגען אויף דעם געביט.

די פּסיכאָלאָגישע ווירקונג פון אלקאָהאָל אויפ'ן מענשליכן אָרגאניזם איז ערשט די לעצטע צוויי יאָרצענדליג ספּעציעל אונטערגעזוכט געוואָרן; דער בארימטער דייטשער פּסיכיאטער פּראָפעסאָר קרעפּעלין און זיינע תלמידים האָבן געמאכט ספּעציעלע עקספּערימענטען איבער דער ווירקונג פון קלענערע און גרעסערע דאָזן פון אלקאָהאָל אויף דער מענשלאכער פּסיכע.

זיי האָבן געפונען, אז אפילו פון אזא פּאָרציע אלקאָהאָל, וועלכע איז אבסאָלוט ניט גענוג אום שכור צו מאכן א מענשן (א האלבן ליטער ביז א ליטער ביר), רופט ארויס ביים מענשן א פארמינדערונג פון גייסטיקער לייסטונגספעאיגקייט; דאָס געדעכטניש ווערט שווערלאכער, יעדע פּסיכישע ארבעט, אפילו די איינפאכסטע, ווי צוזאמענרעכענונג פון איינצעלנע ציפער, ווערט געטאָן לאנגזאמער ווי געוויינליך. דאָס אַלץ ווייזט, אז דער טרינקער. דער רעגעלער טרינקער אין קליינע דאָזן, ווערט פארטעמפּט; זיינע פעאיגקייטן ווירקן ניט ווי אין א נאָרמאלן צושטאנד.

אָבער דאָס איז ניט אַלץ, און ניט דאָס וויכטיקסטע, דאָס טרויעריקסטע.

אין עקספּערימענטאל־פּסיכאָלאָגיע רופט מען „רעאקציע“ די באענטפערונג פון א „רייצונג“ מיט א געוויסער באוועגונג; אונטער באוועגונג פארשטייט מען, נאטירלאך, ניט נאָר מיט די הענט, נאָר אויך מיט דער צונג, און מיט דער שפּראכמוסקולאטור. צווישען דער רייצונג און דעם אָנפאנג פון דער ענטפערבאוועגונג גייט פאָר ביי א געוויסע צייט, וועלכע איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר דער אינדיווידועלער פּסיכע: זי ווייזט אָן ווי לאנג עס האָט געדויערט דער אינערלאכער פּסיכישער פּראָצעס ביז די רייץ איז דערגאנגען צום מאָרך און דאָרטן דורכגעמאכט א קאָמפּליצירטען פּראָצעס און זיך צוריקגעקערט אלס מאָטאָרע (באוועגונג) ערשיינונג. זי הייסט אין דער וויסנשאפט די צייט פון פּסיכישער פאראַרבעטונג. די צייט ווערט אויסגעמאָסטן דורך א ספּעציעלן אפּאראט, וועלכער ווייזט דעם אונטערשיד אין צייט ביז א טויזענטן טייל פון א סעקונדע. אין אלגעמיין פאר איינפאכע עקספּערימענטן (מען זאָל אויפהייבן א פינגער, ווען מען וועט הערן א געשריי, אָדער א קלונג פון א גלאָק) איז די צייט פון פּסיכישער פאראַרבייטונג קורץ. אָבער די צייט ווערט נאָך פארקירצט, ווען מען געברויכט אפילו קליינע דאָזן פון אלקאָהאָל. פון ערשטען בליק אָן דאכט זיך, אז עס איז זעהר גוט: דער קאָפּ ארבעט שנעלער; יאָ דאָס איז ריכטיג, די פּסיכע ארבעט שנעלער, אָבער ניט בעסער; זי ארבעט באדייטענד ערגער. די שנעלקייט קומט אויפ'ן רעכענונג פון צופארלעסיגקייט. די פּסיכישע פאראַרבייטונג פון דעם רייצן ערפאָלגט אויבערפלעכלאכער אָדער זי ערפאָלגט גאָרניט. די רעאקציע, וועלכע קומט צום פאָרשיין, איז ניט די רעאקציע אויפ'ן רייצן. ניין, זי איז א פריצייטיקע און שטעלט פון זיך ניט פאָר קיין ענטפער אויף דעם רייצן. די באוועגונג דערשיינט אין דעם מאָמענט, ווען דאָס רייצן ווערט נאָר דערוואַרטעט, אָבער נישט דאן, ווען עס האָט ווירקלאך שטאטגעפונען. דאָס זעלבע זעהען מיר אויך אין אנדערע פאלן פון לעבן: ווען א סאָלדאט דאַרף שיסן צום ערשטן מאָל, אָדער ביי אַן אנדערער וויכטיגער אנגעלעגנהייט, איז ער זעהר אויפגערעגט, ער דריקט אָן דעם האָן פון ביקס, איידער ער האָט נאָך געהאט די מעגליכקייט זיך אָנצוציִלן. דאָס ווערט גערופן א פריצייטיקע רעאקציע. אויסערדעם גיט עס נאָך פעלער־רעאקציע, ד. ה. ווען די רעאקציע דערשיינט ווירקלאך נאָך דעם רייצן, אָבער ניט אין דער פאָרם, אין וועלכער עס איז אָפּגערעדט. (שטעלט זיך פאָר, אז מען דאַרף אָפּהענגיק פון דעם אָדער יענעם רייצן אויפהייבן צוויי, אָדער דריי, פינגער.) נאָך דעם געברויך פון אלקאָהאָל, אפילו ניט קיין גרויסע מאָס, איז די צאָל פון פריצייטיקע און פעלער־רעאקציעס זעהר גרויס. און דאָס באווייזט, אז דער אינערלאכער מאָרך־פּראָצעס, די פּסיכישע טעטיגקייט פון „איבערלייגן זיך“ איז צו קורץ; זי איז פארקירצט דורך דער דערהעכערטער מאָטאָרישער שפּאנונג; צוליב דעם פעלט דער קאָנטראָל פון מוח איבער די באוועגונגען פון מענשליכן קערפּער, אויף וויפיל זיי זיינען צוועקלאָז, אָדער ניט.

אין דעם לאבאָראַטאָריע־עקספּערימענט האָבן מיר די דערקלערונג פון דער אלטעגלאכער צערייצטער טעטיגקייט פון דעם אלקאָהאָליקער, אויך פון דעם צווישנהאנג פון אלקאָהאָל און פארברעכן. אין שענק טרינקט ער; זיין פּסיכיק איז ניט נאָרמאל. אין דער היים, אָדער אויפ'ן גאס, קומט פאָר דאָס, וואָס מיר האָבן אין לאבאָראַטאָריע־עקספּערימענט אָנגערופן אלס „רייצונג“: דאָס קאָן זיין דער פאָרוואורף פון זיין אייגענער פרוי, ווען זי דערזעט דעם אָנגע'שכור'טען מאן; עס קאָן זיין א צופעליק געזאָגטע מיינונג, מאנכעסמאָל א שימפּוואָרט. די „רעאקציע“ (דער ענטפער) איז א קלאַפּ מיט'ן קולאק, מיט'ן שטעקען, דאָס וואַרפען די פלאַש אָדער דאָס גלאָז אין יענעם, און מאנכעסמאָל אויך א רוק מיט'ן מעסער.

וואָלט די נאָרמאלע פּסיכישע טעטיגקייט ניט געשטערט געוועזן דורך דעם געברויך פון אלקאָהאָל, וואָלט געקענט שטאטפינדן די רואיקע איבערלייגונג אין מוח, און עס וואָלט געפונען געוואָרן דער פאסענדער ענטפער אויף דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט.

אָבער,ליידער, קומט דאָ פאָר דאָסזעלבע, וואָס אין לאבאָראַטאָריע: די פּסיכישע פאראַרבעטונג איז פארהינדערט

ורך דעם אלקאהאל־געברויך, די באענטפערונג פון דעם רייצן איז צו פריצייטיק; איידער די פסיכישע פארארבעטונג האט יך געענדיגט, האט די געשטייגערטע מאטארישע עררעגבאר־ייט באריטס צוגעשלאגן. דער אורטייל פון פארשטאנד ינקט נאך דער שנעלער אקציע.

פראפעסאר קרעפעלין געפינט, אז „די דערלייכטערונג פון ער מאטארישער דעאקציע איז דער קוואל פון אלע יענע אומ־יבערליינטע און צוועקלאזע האנדלונגען, וועלכע דריקן זיך ויס אין פארם פון געוואלטזאמע טאטן, און ניט נאר ביים ארישן און איבערמוטיקן מענשען, נאר אויך אין דער געשיכטע ון אפעקט־פארברעכן“ (ווען דער מענש געדענקט ניט וואס ער אט געטאן.)

די פסיכישע ווירקונג פון געברויכטען אלקאהאל גייט ניט אלד פאריבער; נאך א טרונק בלייבט זי אויך אויף דעם ומענדיקן טאג.

יעצט פון דעם, וואס מיר האבן געזאגט, ווערט אינגאנצן לאר דער פסיכישער צוזאמנהאנג פון אלקאהאל און פארברעכן. ר איז פולשטענדיק קלאר אן אירגענד וועלכער סטאטיסטיק. ין א לייכטערן גראד פון שכרות, באווייזט זיך די מאטארישע ררעגבארקייט אין פילען און לויטן רעדן, שרייען און זינגען אויב דאס איז שפעט ביינאכט, איז עס דאן „רו־שטערונג“ ון די שכנים, וועלכע זיינען, נאטירלאך, ניט זעהר צופרידן ין אזעלכע קאנצערטן). אויסערדעם עקזיסטירט ביים שכור דראנג צו צוועקלאזע באוועגונגען און טויטע געגענשטאנדן, עמעס פארב, פארם, אדער איינפאך זייער באפינדן זיך, רייצט ים; און דאן נאטירלאך ברעכט ער די זאכן; אויב די זאכן יינען פרעמדע, דאן האט ער נאטירלאך פאר זיי צו באצאלן.

אויסערדעם, ווען אן אינדיווידואום האט פיל געטרונקען, ומען ביי אים פאר קאליזיאנען מיט אנדערע מענשן; אין זא שטימונג קאן ער באגיין מערערע פארברעכנס: אנגעהויבן ון דער באליידיגונג (זעהר אפט גאר אומזיסט), איבערגייענדיק ו הויז־פרידנברוך (ווען ער רייסט זיך אריין אין א פרעמדנס ימער, אדער וואוינונג), געוואלט און דראאונגען געגען באמטע, און צולעצט אין אן איינפאכער און געפערלאכער קער־ער־פארלעצונג, און אפילו מארד.

די פארברעכנס קומען ניט פאר אזוי ביי דעם געוואוינ־ייטס־טרינקער, ווי ביי דעם געלעגנהייטס־טרינקער. נאטיר־אך, קאן אויך דער כראנישער שכור באגיין א שווערן פאר־רעכן אונטער דער ווירקונג פון אלקאהאל, און אין א גרוי־מער פארם, ווי מיר זעהען עס אפט; אבער ער איז אויף ווי פיל צוגעוואוינט, אז ער וועט ניט אזוי גיך רעאגירן, ווי געלעגנהייטס־שכור. דער לעצטער, געווייגליך אן ארבעטער, סטודענט א. אז. וו., טוט אן אין מאמענט פון שכרות אזעלכע עשים, פאר וועלכע ער האט צו צאלן זעהר שווער און זעהר אנג.

די סטאטיסטיק באשטעטיגט אינגאנצן די רעזולטאטן, צו עלכע מיר זיינען געקומען אויפ׳ן גרונד פון פסיכאלאגישע לא־ראטאריע־אונטערזוכונגען.

אום ניט צו שרעקן דעם לעזער, וועל איך קיין ציפער ניט ענגן; ווער עס האט לוסט קאן געפינען די סטאטיסטיק אין ; אומגעהייערער צאל פון בראשורן און ביכער אויף אלע פראכן פון דער וועלט.

אלקאהאל איז א גיפט; ניט נאר ער צעשטערט די פסיכיק, מאנכעסמאל לאנגזאם, אבער זיכער, נאר ער גראבט אונטער דעם יסוד פון יעדער מענשלאכער געזעלשאפט — ער רואינירט די יוגענט.

א שכור האט זעלטן נארמאלע קינדער. א דייטשער געלערטער, דעממע, האט געמאכט פאלגענדע באאבאכטונג; ער האט אויפגעפאסט 20 פאמיליען אין משך פון 12 יאר; פון זיי זיינען געווען 10 משפחות שכורים און 10 ניכטערע. די לעצטע גרופע האט געהאט 50 נארמאלע לעבעדיקע קינדער, 5 פון זיי זיינען שפעטער געשטארבן, 2 זיינען געווען ארגאניש קראנק, און 2 האבן זיך שלעכט אנטוויקעלט. די ערשטע גרופע שכורים האבן געהאט 57 קינדער, — פון זיי זיינען 25 געשטארבן, 22 קינדער זיינען געווען שוואכזיניקע, עפילעפטישע; נאר 10 זיינען געווען מער אדער ווייניקער נארמאל. צו ענלאכע רעזולטאטן איז געקומען א פראנצויזישער שרייבער, לעגרוין. צווישן 761 קינדער פון שכורים זיינען געווען מינדערווערטיק, עפילעפטיש, גייסטיק־קראנק, כ מ ע ט ד ר י י־פ ע ר ט ל 72,6 פראצענט.

אלקאהאליקער זיינען אפט קראנק מיט ווענערישע קראנקהייטן; צווישן זיי א גרויסע צאל סיפיליטיקער. דאס איז די טרויעריקע ירושה, וואס א קינד קריגט פון זיינע שכורים־עלטערן; זיין פיזישער ארגאניזם און פסיכישע קאנסטיטוציע זיינען אונטערגעגראבן פון געבורט אן.

קערפערליכע און גייסטיקע קריפעלס, קאנען זיי ניט דורכמאכן ערפאלגרייך דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ; פון געבורט אן איז זיי באשערט צו זיין קאנדידאטען פאר דער טורמע און משוגעים־אנשטאלט.

אויסער דער טרויעריקער ירושה איז איבערהויפט דאס לעבן פון א קינד אין א הויז, וואו דער פאטער (אדער די מוטער, ווען ניט ביידע) טרינקט, זעהר שווער. שמוץ און עלענד הערשן אין אזעלכע פאמיליען; ווי דאס קינד קאן זיך נאר ארויסרייסן פון הויז, טוט ער עס; די גאס, די גאס פון א גרויסער שטאט, מיט אלע אירע נעפארן, ווערט א צווייטע היים פאר דעם קינד. עס איז א גליק, ווען דאס קינד הייבט אליין ניט אן צו טרינקן. דער עקאנאמישער צושטאנד פון א שכור איז באקאנט: ווען ער ארבעט, טרינקט ער און פארטרינקט דעם גרעסטן טייל פון זיינע שכירות — ווען ער ארבעט ניט: ווען ער סטרייקט, אדער האט איבערהויפט קיין באשעפטיגונג ניט, דאן טרינקט ער ווידער, און פארקויפט דעם גרעסטן טייל פון די הויזזאכן. די לאגע פון דער פאמיליע איז א שרעקלאכע — עס איז דארום קיין וואונדער ניט, אז פון די משפחות פון שכורים רעקרוטירן זיך פארברעכער און פראסטיטוטקעס.

אלקאהאליזם, פארברעכערטום און פראסטיטוציע, דאס איז די הייליקע דרייאייניגקייט, וועלכע איז באשאפן געווארן דורך דער היינטיקער קאפיטאליסטישער ארדענונג.

זייערע פאלגן זיינען שרעקלאך, ווייל זיי גראבן אונטער די יסודות פון יעדער מענשלאכער געזעלשאפט, דאס געזונט פון דער קומענדיקער גענעראציע.

קעמפן געגן אלקאהאליזם איז נאר מעגלאך צוזאמען מיט דעם קאמף פאר א בעסערער מענשליכער ארדענונג. זי און נאר זי וועט זיין פעאיק איינצואורדנען א ריכטיקן פראהיבישן.

# א קאאפעראטיווע שטעטעל

פון אהרן סטאלינסקי

די שווייצארישע קאאפעראטארס האבן דא ניט לאנג צוריק דורכגעפירט א שטיקעל ארבייט, וואס האט ארויסגערופען דעם גרעסטען אינטערעס און באגייסטערונג פון אלע קאאפעראטארס אין דער וועלט. זיי האבן לעבען באזעל אויפגעבויט א פולשטענדיג'ן קאאפעראטיווע שטעטעל.

דער געדאנק אויפצובויען אזא שטעטעל איז אנטשטאנען ביי די אנגעשטעלטע פונ'ם שווייצארישען פארבאנד פון די קאאפעראטיווע געזעלשאפטען. די אנגעשטעלטע, ארום 800 אין צאל, האבן זיך געווענדעט צום פארבאנד, אז ער זאל פאר זיי עפעס טאן אין הינזיכט פון וואוינונגען, אין וועלכע די קליינע שווייץ פילט א באזונדערען דוחק. זיי האבן נעמליך פארלאנגט, אז א טייל פונ'ם רעזערוו־פאנד פון דעם קאאפעראטיווען פארבאנד זאל פארווענדעט ווערען אויף דעם דאזיגען צוועק. דורך דער צייט פון דער מלחמה האט דער פארבאנד אנגעזאמעלט א היבשען רעזערוו־פאנד, פון וועלכען די רעגירונג האט פארלאנגט 7½ מיליאן פראנק מלחמה־שטייער. עס איז אבער דעם פארבאנד געלונגען צו קריגען די צושטימונג פון דער רעגירונג, אז די 7½ מיליאן פראנק זאלען באנוצט ווערען, כדי צו בויען קאאפעראטיווע היימען פאר אירע אנגעשטעלטע.

עס האט זיך גראד געמאכט צו קויפען א שיין שטיק לאנד לעבען באזעל און דער פארבאנד האט אויסגענוצט די געלעגענהייט און האט באשלאסען דארט צו גרינדען איר קאאפעראטיווע שטעטעל, וועלכע זי האט א נאמען געגעבען „פרייי־דארף“. עס איז אויסגעארבייט געווארען א קאנסטיטוציע, אין וועלכער עס זאגט זיך בפירוש, דאס נאר די יעניגע קאנען ווערען מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, וועלכע זיינען ווילינג צו וואוינען אין דעם שטעטעל. יעדער מיטגליד מוז האבען לכל־הפחות איין אקציע פון הונדערט פראנק. פאר יעדען מיטגליד ווערט געבויט א באזונדער הייזקע, וועלכע בלייבט שטענדיג דאס אייגענטום פון דער געזעלשאפט. די קינדער פונ'ם מיטגליד האבען דאס רעכט צו ירשנ'ען דאס הויז, ריכטיגער, דאס וואוין־רעכט אין דעם הויז.

עס זיינען איינגעלאדען געווארען ארכיטעקטען, וועלכע האבען אויסגעארבייט פלענער פאר אן אידעאלער קאאפעראטיווער גארטען־שטעטעל. און אין לעצטען אקטאבער איז דאס שטעטעל פארטיג געווארען, באשטעהענד פארלויפיג פון 150 איין־פאמיליע הייזער, פון 4, 5 אדער 6 צימערען. צו יעדען הויז באלאנגט אויך לכל־הפחות צוויי הונדערט סקווער־מעטער לאנד. די הייזער זיינען ארראנזשירט אין פאראלעלע (גלייך־לויפענדע) שורות, באשטעהענד פון 2, 4, 8 און 14 הייזער אין יעדער שורה.

אלע הייזער זיינען געמויערטע. יעדעס הויז האט א ספעציעל איינגעריכטעטען קעלער, וואס פארנעמט דעם זעלבען שטח ווי די אויבערשטע צימערען. יעדער קעלער האט א ספעציעל איינגעריכטעטע לאונדרי־צימער אויף צו וואשען וועש און א צימער אויף צו האלטען פארשידענע פראדוקטען — א „קאלד

נפתלי:

# אלץ הייסט א זיגעס-קאנווענשן

(פעליטאן)

הכל תלוי במזל, אפילו „בולבע“ שב„פאטייטא“!

האט דאס די אידישע פרעסע אביסל צעבולבעט אונזער קאנווענשן, אז גאט זאל שומר ומציל זיין.

שוין עטלאכע וואכן נאך דער קאנווענשן און די אידישע צייטונגען זיינען נאך אלץ פול מיט „בולבעס“, אידישע שולן, ארבייטער רינג און „פאטייטאס“...

נאר וואס איז דא דער חידוש?

אז באסטאן האט געקענט באריהמט ווערן איבער גאנץ אמעריקע מיט אזא ביליקן גוי'אישן מאכל ווי „בעבלאך“ („באסטאן בינס“ בלע"ז), האט דאך דארט לכל הפחות א קאנווענשן פון ארבייטער רינג געמעגט פאפולער ווערן צוליב אזא טייערן אידישן מאכל, ווי בולבעס...

בפרט נאך אז דאס איז ניט געווען גלאט אזוי עפעס א קאנווענשן, נאר טאקע אן אמת'ע „זיגעס“־קאנווענשן...

ווער האט דארט געזיגט, ווילט איר וויסן? אדרבה, זאגט איר! דאכט זיך, אז מ'האט גאר דארט פארלארן. אמת, צווישן די „פארלארענע“ זיינען געווען עטלאכע, וואס זיינען ארויס די „זיגער“ און האבן דוקא געוואונען; דאס איז אבער בלויז געווען אין האטעל ביי די „נאכט־זיצונגען“... אין קאנווענשן־האל אבער, ביי די טאג־זיצונגען, האבן אלע פארלארן, אלע זיינען דורכגעפאלן...

אפילו די קאנדידאטן, וואס האבן „געזיגט“, זיינען דאכט זיך אויך דורכגעפאלן...

און ניט נאר די קאנדידאטן, — מיט די קאמיטעס איז אויך געווען דאס אייגענע, איינע ביי איינע, מקטן ועד גדול, זיינען זיי געפאלן ווי די סנאפעס...

לאמיר גיין כסדר און אנהייבן מיט די בולבעס, טפו! — מיט דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, און מיט די שולן.

געקומען זיינען די „שול־אידן“ צו דער קאנווענשן שטארק באוואפנט, געהאט מיט זיך א צוויי־דריטל געניטע פעלד־מארשאלן פון ניו־יארק, עטלאכע גענעראלן פון קאנטרי, און עפעס גלאט אזוי א טוץ אפיצירן, אונטער־אפיצירן און פעלדפעבלס; מ'האט ארויסגעשטעלט די שווערע ארטילעריע און אנגעלאדן די האוויצערס, וואס מ'האט נאר־וואס געבראכט פון קליוולאנד... און נאך איידער די שלאכט האט זיך אנגעהויבן, האט שוין די לופט אין דער דיסטריקט קאמיטע געשמעקט מיט פולווער...

שוין איז געווען צו זען ווי די גענעראלן פונ'ם אנדערן לאגער, די גרעסטע „אנטי־אידישיסטן“, האבן זיך געריסן דוקא צו גיין אין דער קאמיסיע, וואס דארף באטראכטן די שול־פראגע...

און ניט נאר זיינען זיי געגאנגען אין דער קאמיסיע, נאר זיי זיינען טאקע דארט געזעסן און געמאכט דעם ריכטיקן דזשאב...

אנגעהויבן האט זיך עס מיט א פארלאנג פון א זיבן־סענטיקער העכערונג. געהייסן האט עס, אז מ'פארלאנגט מיט א כיון זיבן, כדי צו קריגן כאטש א העלפט. דערנאך האט מען שוין אין א רעזאלוציע געבעטן בלויז פיר סענט. אויסגעלאזט האט זיך אבער, אז מ'האט דאס אראפגעדונגען ביז איין סענט.

פארוואס האבן זיי זיך געלאזט דינגען? זיי האבן טאקע ניט געלאזט, נאר א ברירה האט מען, אז מ'סטראשעט: אויב איר נעמט ניט די פעני, קריגט איר גארנים!

אינגאנצן דורפאלן, פארשטייט זיך, וויל מען ניט, — האט מען צוגענומען די פעני, געמאכט א שוויג, און זאל עס הייסן, אז מ'האט דאך געזיגט...

נאר אויב איר מיינט, אז די „שול־אידן“ האבן אלץ פארלארן און די „אנטיס“ האבן אינגאנצן געזיגט, מאכט איר א טעות. אמת, זיי האבן טאקע ארונטערגענומען מער וויפיל זיי האבן געקענט, דערפאר האבן זיי אבער פארלארן אנדערע פאזיציעס.

די אידישע לערער־קורסן, דעם קינדער־זשורנאל, און אנדערע פאזיציעס, מיט וועלכע די שול־באוועגונג האט זיך באפעסטיקט, האבן זיי בשום אופן ניט געקענט רירן פון ארט. זיי האבן דאס אלץ נאכגעגעבן, אבי צו פארקלענערן די העכערונג...

ביידע צדדים האבן טאקע דערנאך געמוזט צוגעבן, אז זיי זיינען ארויס מיט גאנצע ביינער: „ניטא קיין זיגער און קיין באזיגטע“...

אונזער אומגליקלאכער „פריינד“ האט שוין אפילו דעם מזל אויך ניט געהאט. די זעלבע קאמיסיע האט אים שוין יא צוגעווארפן א ביינדל, געוואלט אים געבן א פעני אדער צוויי, האט זיך מעשה שטן ארויינגעמישט עפעס א טשערמאן, וועלכער קען „פארלאמענטארישע רולס“, האט ער אויסגעטייטשט, אז אפילו א איין־און־איינציקע פעני איז אויך א טעקס, און מען מוז האבן צוויי־דריטל שטימען. העלעגאטן האבן ווידער א טבע, אז א טשערמאן דארף מען ניט איבערשפארן, ער זאגט: צוויי־דריטל, מסתמא וויים ער בעסער. האבן זיי מיט אים מסכים געווען, און דער ארימער „פריינד“ ווערט זיך נעבאך אויף דער עלטער ווידער מוזן מוטשען...

א רחמנות.

ניט קיין ערגערן אפשניט האט אויך ארויסגעכאפט די סאניטאריום קאמיטע. געקומען איז זי צו דער קאנווענשן מלא שמחה, אלץ איז פיין, שטיל רואיק, ניט מער אין דער קאסע איז ניט אזוי פרוילאך. א דעפיציט פון פאראיארן, א נייער דעפיציט פון דעם יאר.

סטאָרעדזש רום". יעדע לאָונדרי האָט אַן אייגענעם קעסעל (באָילער) אויף צו קאָכען וואַסער, וועלכעס ווערט אויך באַנוצט פאַר דער קיך און באָדע־צימער. עס איז אַזוי איינגעריכטעט, אַז עס זאָל שטענדיג זיין הייס וואַסער; ביינאַכט ווערט דער קעסעל געהייצט דורך עלעקטריציטעט. דער „גראַונד פלאָר" באַשטעהט פון דריי צימערען: קיך, עס־צימער און אויפנאַמס־צימער. דער קאָך־אויווען קאָן באַהייצט ווערען דורך קוילען, אָדער דורך עלעקטריציטעט. יעדעס צימער האָט איין אָדער מערערע גרויסע פענסטער. אין יעדען צימער געפינט זיך אויך אַ שראַנק, וועלכע איז אַריינגעבויט אין דער וואַנט. פון „גראַונד פלאָר" פירען טרעפּען צו אַ גרויסען און ליכטיגען שלאָף־צימער. גרעסערע פאַמיליעס האָבען מערערע צימערען.

יעדעס הויז האָט אויך אַ שיינע טעראַסע מיט אַ גלעזערנעם דאַך, וואָס איז אַרום און באַדעקט מיט אומצייליגע בלומען. לעבען יעדען הויז געפינט זיך אַ קליינער גאָרטען, וואו די איינוואוינער פלאַנצען גרינסען.

דאָס דירה־געלט, וואָס יעדער איינוואוינער צאָלט פאַר דעם הויז, איז אַ סך קלענער אין פאַרגלייך מיט דעם דירה־געלט פון די פּראַוואַטע הייזער. פאַר די קלענערע הייזער ווערט געצאָלט 800 פראַנק אַ יאָר, און פאַר די גרעסערע — פון 1,100 ביז 1,600 פראַנק אַ יאָר.

אָבער די איינוואוינער פון „פריידאָרף" באַנוגענען זיך ניט בלויז מיט די קאָאָפּעראַטיווע וואוינונגען, נאָר זיי פירען אויך דורך דעם קאָאָפּעראַטיווען פּרינציפּ אויף אַלע געביטען פון זייערע נויטווענדיגע באַדערפעניסען. אַזוי, למשל, האָבען זיי אייגענע פאַרשידענע קאָאָפּעראַטיווע קראָמען פון שפּייז, שיך, קליידער א. אַ. וו.

דאָס קאָאָפּעראַטיווע שטעטעל האָט אויך אַן אייגענע דריי־קלאַסיגע עלעמענטאַר שולע, אַ גרויסען רעסטאָראַן, אַ שיינעם פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל, אַ ביבליאָטעק א. ד. ג. בקיצור: זיי האָבען אַלץ, וואָס מאָדערנע מענשען דאַרפען האָבען.

די גאַנצע שטאָט־פאַרוואַלטונג ווערט דורכגעפירט פון די מיטגלידער אַליין אויף שטרענג קאָאָפּעראַטיווע יסודות. פאַר דעם צוועק געפינען זיך 7 קאָמיטעס, וועלכע פירען דורך די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע און אויפקלערונגס־אַרבייט. די „באָרד אוו העלטה" קאָמיטע גיט שטרענג אַכטונג, אַז דאָס גאַנצע שטעטעל בכלל און יעדעס הויז בפרט זאָל אָפּהיטען אַלע כללים פון היגיענע און ריינקייט. הגם דאָס רוב מיטגלידער זיינען געהאָרכזאַמע שווייצער בירגער און זיינען ווייט פון באַלשעוויזם, האַלטען פונדעסטוועגען די קאָמיטעס פון „דיקטאַטור" און דרעפטען גאַנץ אָפט די איינוואוינער פאַר ריינינגונגס־צוועקען, אין פייער קאָמאַנדע פּראָבעס, פאַר פעסטיוואַל פאַרבאַרייטונגען א. אַ. וו. אַלע אַרבייט, וואָס ווערען געטאָן פאַר דעם וואוילזיין פון אַלעמען, ווערען ניט באַצאָלט, אַ חוץ נאַטירליך אַזעלכע אַרבייט, וואָס פאָדערט אַ גאַנצען טאָג.

די מיטגלידער פילען זיך העכסט פריי און צופרידען אין זייער קאָאָפּעראַטיווען שטעטעל. כמעט יעדע נאַכט קומט פאָר אַ לעקציע, אַ דעבאַטע, אַ קאָנצערט א. אַ. וו. גאַנץ אָפט ווערען אויך געמאַכט עקסקורסיעס אין די אַרומיגע בערג.

אַ גאַנץ באַזונדערע טעטיגקייט פילט זיך איצט אין דער קאָאָפּעראַטיווער שטעטעל: די פּרוכט־ביימער ווערען ספּעציעל אַרומגעשניטען, די עפענטליכע אַלייען—פאַרשענערט א. אַ. וו. דאָס זיינען שוין פאַרבאַרייטונגען, כדי אויפצונעמען די דעלעגאַטען און געסט צום אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס, וועלכער וועט פאָרקומען קומענדען אויגוסט אין באַזעל, שווייץ.

ביי אונז אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָט מען שוין פיל מאָל גערעדט און געפּלאַנט וועגען גרינדען קאָאָפּעראַטיווע גאָרטען־שטעטלעך, הויפּטזעכליך אַרום די גרויסע אינדוסטריע־צענטרען, אָבער עפּעס פּראַקטישעס איז ביז איצט אויף דעם דאָזיגען געביט נאָך ניט אויפגעטאָן געוואָרען. איינע פון די הויפּט־אורזאַכען, פאַר וואָס עס האָט זיך ביז איצט נאָך ניט איינגעגעבען צו גרינדען כאָטש איין קאָאָפּעראַטיווע גאָרטען־שטעטעל, איז בלי ספק די, וואָס אונזער אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג געפינט זיך נאָך אין אירע קינדער־יאָרען און במילא פעלען פשוט פּראַקטישע פּערזאָנען, וואָס זאָלען זיך נעמען צו אַזאַ אַרבייט.

---

די הוצאות זיינען גרויס, ס'איז געווען אַ יקרות, ס'האָט געקאָסט איבער פינף דאָלאַר אַ טאָג פאַר יעדן פּאַציענט, דער קוילעטש קלעקט ניט אויף המוציא'ס, וואָס זשע וויל זי? ניט מער ווי נאָך אַ ניקל!

איז דאָך דאַכט זיך גוט? וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט עס היינטיקע צייטן אַ ניקל?

גאָר ניט, מיט גאָר ניט!

נאָר אַז עס איז געקומען צום געבן, ווייסט עס דער גוטער יאָר, וואו דער ניקל איז ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן!

משמעות, אַז דער ניקל איז פאַרלאָרן געוואָרן אין מיטינג־רום ביי דער קאָמיסיע, וואָס האָט „געדאַרפט" האַנדלען איבער סאַניטאַריום עניינים... און ביי אַזאַ קאָמיטע, אַז עס ווערט עפּעס פאַרלאָרן, איז פאַרפאַלן, ווי אין וואַסער אַריין...

מילא, וואָס קען מען טאָן, פאַרלאָרן, איז פאַרלאָרן.

אָבער אַז דריי קאָמיטעס האָבן זיך געבעטן רחמים ביי דער קאָנווענשן וועגן אַ פראַגע, וואָס האָט זיך געהאַנדלט דוקא וועגן געווינען, און אַז זיי האָבן אויך פאַרלאָרן, איז טאַקע שווער צו פאַרשטיין...

פריער איז די קאָנווענשן קאָמיטע געקומען מיט אַ רעקאָמענדאַציע אָפּצושאַפן יערלאַכע קאָנווענשנס. זיי האָבן אויסגערעכנט, אַז מ'קען דערביי געווינען וועניקסטנס פופציג טויזענט דאָלאַר. האָט מען זיי אָפּגע'פּטרט'ט איינס צוויי דריי, אַז ערשטנס, איז עס ניט זיכער ביזנעס צו שפּאָרן געלט, און צווייטנס, אַז עס וועט ניט זיין יעדן יאָר אַ קאָנווענשן, וועט דאָך ניט זיין ווער עס זאָל ערוויילן די עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועט דאָך די עקזעקוטיוו קאָמיטע מוזן ערוויילט ווערן אויף צוויי יאָר, טאָ ווער וועט עס לאָזן זיין אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע אין אמת גאַנצע צוויי יאָר, אַז איין יאָר איז פאַר זיי אויך צופיל...

דערנאָך איז געקומען די פאַרוואַלטונגס קאָמיטע מיט אַ חשבון, וואָס האָט באַוויזן, אַז די יערלאַכע קאָנווענשנס שטעלן אונז פּשוט בדיל הדל, דער קאָנווענשן־פאָנד האָט לעכערדיקע קעשענעס און איידער מ'וועט זיי פאַרריכטן, וועט זיך אונטעררוקן אַ נייע קאָנווענשן און די לעכער וועלן נאָך גרעסער ווערן...

דאַכט זיך גאַנץ קלאָרע דבורים? האָט מען זיי אָבער אויך דערציילט די מעשה מיט דער עקזעקוטיוו קאָמיטע: איין יאָר, צוויי יאָר, און דערווייל האָט מען עס אָפּגעלייגט אויף נאָך אַ יאָר...

שפּעטער מיט אַ האַלבע שעה איז געקומען די קאָנסטיטושן קאָמיטע מיט אַ נייעם אויסגעאַרבעטן פּלאַן, אַז צוויי־יערלאַכע קאָנווענשנס מוזן ווערן אַ „געזעצלאַך־קאָנסטיטוציאָנעלער פּונקט". האָט זי אָבער דערזען וואָס פאַר אַ סוף די פריערדיקע צוויי קאָמיטעס האָבן געכאַפּט, האָט זי געקראָגן „קאַלטע פיס" און צעריסן דעם גאַנצן פּלאַן...

אַ דאגה איר! אין פינף יאָר אַרום וועט סיי־ווי־סיי זיין אַ נייע קאָנסיטושן־קאָמיטע, — זאָלן זיי זיך דאַרן די קעפּ...

דעם שענסטן „קבלת פּנים" האָט געקראָגן די האָום־אָפּיס קאָמיטע. שטעלט איך פאָר, פינף אידן אַרבעטן אָט אַ גאַנץ יאָר עבודת פּרך, מ'רופט קאָנפערענצן, ס'איז „ביזי" מיט אינזשענירן, אַרכיטעקטן, מ'ציכנט פּלענער, מ'פאָרט באַקוקן געבוידעס, מ'וואַרפט אויגן אויף „לאָטס", און אַז מ'האָט שוין פאַרטיק דעם גאַנצן פּלאַן פאַר אַ האָום־אָפּיס מיט אַן אודיטאָריום און אַפילו שוין באַשטימט אין וועלכער זייט ס'זאָל זיין דער אָפּיס פון סעקרעטערי דעפּאַרטמענט... קומט די קאָנווענשן און מאַכט מיט איין קלאַפּ פון חעמערל אַ תל פון גאַנצן עסק, און גיי טו עפּעס!..

וואָס איז יעצט געוואָרן פון די אַרכיטעקטן, פּלענער און לאָטס?

וואָס זאָל ווערן? גאָר ניט! די פּלענער וואַלגערן זיך אויף באַסקינס דעסק. ער וועט זיי מסתמא היינט־מאָרגן אַרויסוואַרפן. די אַרכיטעקטן קלייבן זיך אַריינצושיקן בילס פאַר זייער טרחה און אויף דעם „לאָט" בויט מען שוין יעצט — אַ מרחץ...

איין קאָמיטע קען זיך דאָך באַרימען, אַז זי האָט געוואונען. דאָס איז די בענעפיט קאָמיטע. זי האָט פאָרט אויסגעפירט, אַז פאַר 15 סענט זאָל מען קענען אויסקרענקען נאָך צוויי דאָלאַר... זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט ניט מורא געהאַט פאַר דעם „צוויי־דריטל געזעץ", אַז מ'האַלט ביי געבן מער און נעמען ווייניקער איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. און דערפאַר האָט זי טאַקע געוואונען...

וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז דער „ליגעל אַדווייזער" זאָגט גאָר: מ'זאָל זיך ניט פרייען מיט דעם געווינס, ווייל עס קען זעהר מעגלאַך זיין, אַז עקספּערטן זאָלן אויס'חשבונ'ען, דאָס פון אַזאַ געווינס זאָל מען ערשט רעכט פאַרלירן...

איז דאָס, הייסט עס, דערווייל ניט קיין געווינס, און ניט קיין זיג.

איז דאָך טאַקע די קשיא: ווער זשע האָט געוואונען, און מיט וואָס האָט מען געזיגט?

ס'איז אָבער גלייכער, אַז מ'פרעגט אינגאַנצן קיין קשיות ניט. אויף אַ קאָנווענשן, וואָס קען זיך פאַרגינען צו טראָגן דעם נאָמען „זיגעס־קאָנווענשן", קען מען אַלץ גלויבן...

דעריבער, רבותי, צאָלט דיוס, און פרעגט ניט קיין קשיות...

# צוויי יום־טובים

פון י. קיסין

לויטער איז געווען דער מארגן פון א טאפעלטן יום־טוב, — א אידישן, שבועות, און א ציווילן, צען יאר זינט בראנקס איז געווארן אן אויטאנאמער טייל פון ניו־יארק. די פאמיליע גינסטלינג האט באוואוינט פינף צימערן, זייער קליינע, אבער ליכטיקע און גוט אויפגערוימטע, אין איינעם פון די טויזענטער ענלאכע מויערן אין א אידישן קווארטאל אין בראנקס.

די עלטערן, שלמה גינסטלינג און זיין פרוי אסתר, זיינען גאנץ פרי אוועק אין א שול, וואס איז געווען האלב ארטאדאקסיש און האלב טעמפל. נ̃יט ווייל זיי זיינען געווען רעליגיעז, נאר פון געוואוינהייט, צוליב פארבינדונגען, און מער פון אלץ צוליב דער מוזיק, דעם כאר און דעם ארגל. גראד אין דער שול איז די מוזיק געווען ניט שלעכט, ניט אזוי טרוקן, ווי געוויינלאך אין די טעמפלען, און ניט אזוי בארבאריש, ווי אין די אלטע שולן. אין כאר זיינען געווען פרויען־שטימען, און געזונגען האט מען לעוואנדאווסקים, זולצערס און ענלאכע גוטע געזאנגען, וואס זיינען געווען אזוי שטימונגספול און האבן דערמאנט שלמה'ן און אסתר'ן די כאר־שול אין זייער שטאט אין רוסלאנד.

די עלטערע טאכטער פייגל, אדער פעני, פופצען יאר אלט, איז אויך אוועק גאנץ פרי פון הויז אין ביבליאטעק. זי האט געארבעט אין דער פארוואלטונג פון א גרויסן פאפיר־געשעפט אויף וועסט בראדוויי, ניו־יארק, נאר היינט איז זי ניט געגאנגען אין געשעפט, ווייל זי האט געוואלט זען דעם גרויסן פאראד פון בראנקסער צען־יעריקן יובילייאום.

אין הויז זיינען געבליבן די צען־יאריגע מיני און בייבי. בייבי איז געזעסן אין עסצימער אויף א „היי־טשער" לעבן טיש, וואס איז אינגאנצן געווען באדעקט מיט אלערליי שפילצייג: א טעדי־בער, א שיינער גרויסער קאץ, א ווייס־געלן הינטל, וואס האט געקוויטשעט און ארויסגעשטעקט די צונג, ווען איר האט אים א דריק געטאן דאס קעפל, קלאפערלאך, פייפלאך, א פייקל מיט צוויי צוגעבונדענע שטעקלאך, א. אז. וו.

מיני האט זייער ליב געהאט בייבין און האט זיך גערן שעה'נווייז געשפילט מיט איר. איצט גראד האט זיך מינין שטארק געוואלט אליין שפילן מיט אירע ברוינע און גרויע שטיינערנע בלאקס, פון וועלכע זי פלעגט אויפשטעלן אזעלכע שיינע הויכע טויערן אין גאטישן סטיל, צי מיט די קעסטלאך פארבן, וועלכע זי פלעגט גאר ניט מיד ווערן צו מישן און אויספרואוון, צי מיט נאך א סך אנדערע אינטערעסאנטע און שיינע זאכן. אבער מאמע האט איבערגעלאזן בייבין היינט אינגאנצן אויף איר, און מיני איז א גוט, געהארכזאם קינד. איז זי ניט אפגעטראטן פון בייבין א מינוט. אז מאמע וועט קומען, וועט איר מיני קאנען באריכטן, אז בייבי האט אפילו קיין איין מאל ניט געוויינט.

בייבי איז געווען שטארק און ערנסט פארטאן. זי האט אלץ געשטופט א שטעקל פון פייקל דער קאץ אין אויג, אבער די קאץ האט זיך אלץ פון איר אוועקגערוקט, ניט געוואלט, ווייזט אויס, אזוי דיר־נישט מיר־נישט פארלירן אן אויג. איז בייבי אין כעס געווארן און האט דערלאנגט דער קאץ מיט'ן שטעקל איבער'ן קאפ, האט זיך די קאץ איבערגעקערט און איז געפאלן אויף א זייט.

דערנאך האט בייבי אנגענומען א זילבערן לעפעלע, וואס האט זיך דערביי געוואלגערט אויפ'ן טישטוך, און האט דאס אראפגעווארפן אויף דר'ערד און זיך צוגעהערט א ווייל צום קלונג. מיני האט דערפילט, אז די לאגע ווערט ערנסט, און באלד וועט זיך בייבי צעוויינען, האט זי זיך א וואָרף געטאן ראטעווען די סיטואציע.

— זע, בייבי, דאס הינטל! זע, ווי עס שפרינגט אריבער איבער דער קאץ און איבער'ן פייקל!

—קע־כע־כע! — איז בייבי זיך פארגאנגען אין א ברייטן געלעכטער.

— הער, ווי דאגי מאכט: ווי־ווי! ווי־ווי! — האט זי געדריקט דעם הונטס קאפ.

— ע־כע־כע! — האט בייבי געלאכט און זיך א צי געטאן צום הונט. זי האט דאס באטראכט פון אלע זייטן, און באלד איז דער הונט שוין געלעגן אויף דער ערד, לעבן לעפל.

— נאו, בייבי, דארפסט ניט ווארפן אלץ אויף דר'ערד! זע דעם טעדי־בער. נעם אן דאס שטריקל, אט אזוי. טאנץ א ביסל, טעדי! זע נאר, א פוס איז ביי אים אויסגעדרייט. עמיצער האט טעדין אויסגעדרייט א פיסל, מען דארף דאס צורעכט מאכן. איצט שטעל זיך אויף די הינטערשטע פיס, אט אזוי — בו־ו! בוגימען.

בייבי האט געמאכט א זויערן פנים און איז שוין געווען גרייט אנצוהייבן וויינען, האט מיני גענומען פליסיק קלאפן אויפ'ן פייקל און געגעבן דעם קינד דאס קלאפערל אויפ'ן היי־טשער. דאס האט געהאלפן.

אין דרויסן איז געווען אזוי שיין. מיני וואלט איצט אזוי גערן ארויסגעלאפן אין גאס. דא דערביי געפינט זיך א לייַדיקער פלאץ, וואלט זי מיט די חבר'טעם דארטן געשפילט אין באל. ווען וועט שוין מאמע קומען?

ענדלאך איז זי געקומען. זי האט אויסגעהערט מיט א שמייכל מיניס באריכט וועגן דעם קינד, האט זי צערטלאך געגלעט איבער'ן קעפל און ארויסגעלאזן זי א ביסל אין גאס, כאטש נאך א שטיקל ישוב־הדעת, ווייל גראד היינט האט זיך איר ניט געוואלט בלייבן אליין אויג אויף אויג מיט איר שלמה'ן. אבער זי האט קיין הארץ ניט געהאט אפצוזאגן מינין. און גלייך ווי מיני איז ארויסגעשפרונגען א פריילאכע פון עסצימער, האט זי איבערגעלאזן שלמה'ן מיט'ן קינד און איז מיט א פארזארגטן פנים אוועק אין קיך.

שלמה און אסתר האבן חתונה געהאט זייער פרי און זיינען נאך איצט געווען גאנץ יונגע מענשן. שלמה איז געווען א זייגערמאכער און איז אין אמעריקע געקומען אליין, אן דער פאמיליע. אפגענומען אהער האט ער זיי ערשט אין עטלאכע יאר ארום. און אז אסתר איז געקומען, האט זי שלמה'ן געפונען א ביסל אן אנדערן, ניט דעם, מיט וועלכן זי האט זיך אזוי איינגעלעבט, וועגן וועלכן זי האט אומאויפהערלאך געקלערט גאנצע פינף יאר פון ווארטן, ער זאל נאך איר שיקן.

עפעס זיינען זיי געווארן פרעמד איינער דעם אנדערן. און וואס ווייטער, אלץ מער האט זיך דאס געפיל פון פרעמדקייט פארטיפט.

און ווען דא, אין דעם נייעם לאנד, איז בייבי געקומען אויף דער וועלט, איז דאס געווען כמעט איבריק און אומגעוואונשט סיי פאר שלמה'ן, סיי פאר אסתר'ן. ביידע זיינען שטענדיק מיט עפעס געווען באשעפטיקט און האבן א סך געשוויגן. און זעלטן האבן זיי גערעדט וועגן עפעס, אויסער די גאנץ געוויינלאכע נייטיקע זאכן. עפעס ווי גאר פרעמדע האבן זיי זיך איצט געפילט. דיזעלביקע, דוכט זיך, און דאך ניט דיזעלביקע.

אין דער היים זיינען די גינסטלינגס געווען פאררעכנט פאר קלוגע, ארנטלאכע, ארבעטסזאמע מענשן און גוטע שכנים, און זייער הויז איז אלעמאל געווען פול מיט מענשן. דא האבן זיי אויך געלעבט גוט מיט די שכנים און געהאט א רעכט ביסל באקאנטע און פריינד, סיי נייע, סיי פון דער היים, וועלכע פלעגן קומען זיי באזוכן זונטאגס און אין א יום־טוב. די גינסטלינגס האבן זיך דא באטראכט פאר פשוט'ע מענשן, קיין בעלי־גאוה זיינען זיי קיינמאל ניט געווען, און אין דעם נייעם לאנד פון ארבעט זיינען זיי געווען ארבעטער מיט אלעמען גלייך. און כאטש זיי פלעגן אמאל גיין הערן געזאנג אין שול, זיינען זיי אבער אויך געווען אפטע באזוכער פון גרויסע פאלקס־פארזאמלונגען. די קינדער פלעגן זיי דאן איבערלאזן אין דער היים. זיי האבן בכלל ארויסגעוויזן א פייאיקייט צו אקלימאטיזירן זיך דא און האבן גע'חלומ'ט וועגן אריבערקלייבן זיך אין שטאט נעבראסקא, וואו זיי האבן געהאט קרובים.

אז שלמה איז געבליבן אליין מיט'ן קינד, האבן זיינע הענט מעכאניש געגלעט דעם קינדס קעפל, און אליין האט ער שטארק שטארק געקלערט. ער האט געקלערט וועגן זיך מיט אסתר'ן

און וועגן זייערע קינדער און וועגן דעם נייעם לאנד, און וועגן די זאכן, וואס ער האט וועגן אמעריקע געלייענט אין די צייטונגען און געהערט אויף פארזאמלונגען. א לאנד פון וואונדער, פון אמת'ע וואונדער! פלוצלונג האט ער א שפרונג געטאן פון א קלאפ אויפ'ן טיש. ער האט א קוק געטאן.

— אהא! מכבד געווען דעם טעדי־בער מיט'ן שטעקל! רעכט אויף אים! זאל ער ניט שטיין אויף א טיש! וואס עפעס אויפ'ן טיש? — ער האט גענומען אראפנעמען די שפילצייג פון טיש, אבער באמערקנדיק, אז דאס קינד וויל דאס ניט ליידן, האט ער זיי איבערגעלאזן אויפ'ן טיש און האט אליין גענומען שפילן זיך מיט זיי, קלערנדיק בעת מעשה אלץ וועגן די וואונדער פון נייעם לאנד. אט האט היינט דער ראביי אין שול אויך גערעדט וועגן אמעריקע און אירע גרויסע, גרויסע, אומערשעפלאכע מעגלאכקייטען, — ווי שיין ער האט דאס גערעדט!

אבער אים איז דא ניט אזוי גוט ווי אין דער היים. אפגעפרעמרט זיינען זיי עפעס געווארן, ער און אסתר, זיי ווייסן אליין ניט פארוואס. אז יעדע זאך קאן ווערן אן אורזאך פון אפגעפרעמדקייט! דאס איז דאך ניט קיין קלייניקייט — פינף יאר זיין אליין, אפגעשיידט, ער דא, זיי דארטן! און אט דאס נייע קינד, צוליב אים האט פעני געמוזט גיין ארבעטן. נאך נאר א קינד אליין און מוז שוין ארבעטן. אפשר איז אין נעבראסקא בעסער. דער ארט איז נייער, ווייניקער אנגעפארענע דארטן. אפשר גאר זיך באזעצן אויפ'ן לאנד? דאס איז אים אלעמאל געווען געפעלן.

עס זיינען אריינגעקומען פעני מיט איר שול־חבר עדין און גלייך זיי מיני.

— פא, מיר גייען זען דעם פאראד, — האט פעני געזאגט, נאכדעם ווי עדי האט זיך באגריסט מיט גינסטליכגען און געזאגט „העלאו בייבי!“ צום קינד.

— גייט. איך וועל אפשר שפעטער אויך צוקומען. איצט בין איך פארנומען.

אסתר האט זיך באוויזן אויפ'ן שוועל און האט מיט צופרידנהייט באטראכט איר הויזגעזינט.

— שלמה, — האט זי זיך געווענדט צום מאן מיט עפעס א פולן, הילכיקן טאן, אז ער איז געווארן זייער אויפגעלייגט און אויפמערקזאם. — שלמה, חלומ'סט נאך אלץ וועגן דער וועסט? וואס פעלט אונז אייגנטלאך דא?

שלמה האט זי באטראכט און געזאגט:

— אז ניט דו, ניט איך בין דא אינגאנצן צופרידן.

— אין וועלכער תורה שטייט דאס געשריבן, מיין מאן, אז מען מוז זיין אינגאנצן צופרידן? אדרבא, עס איז געזינטער צו זיין אביסל אומצופרידן.

שלמה האט אויפמערקזאם געקוקט אויף איר. ער האט אויף איר פנים צום ערשטן מאל באמערקט עפעס אזא ענערגישן אויסדרוק, וואס איז, דוכט זיך, פריער ניט געווען. און גערעדט האט זי אזוי אומגעוויינלאך, אזוי פעסט און זיכער, אזוי מונטער און מיט גלויבן אין זיך, ווי זי וואלט געוואוסט עפעס אזוינס, וואס ער, שלמה, ווייס ניט. א שטראם פון ווארימקייט איז דורכגעלאפן דורך זיין קערפער.

— איך האב געקלערט וועגן דיר, אסתר. אז אלץ ווענדט זיך אן דיר, ווי דיר איז ליבער און באקוועמער. איך האב געקלערט, אונזערע פארדינסטן זיינען דא ניט גענוג, פעני מוז גיין ארבעטן. מיר איז אלץ איינס. ניו־יארק איז אמעריקע און נעבראסקא איז אויך אמעריקע.

— זארג ניט אזוי, שלמה. עס וועלן זיין בעסערע צייטן. דו גייסט צום פאראד?

— איך האב גערעכנט אפשר צוקומען שפעטער. איצט וואלט איך עפעס געטאן.

— וועסט שפעטער טאן וואס דו וועסט וועלן. אלע גייען צום פאראד. דאס וועט זיך ציען איבער גרענד קאנקורס. פייערווערק אלערליי, ראקעטן, און וועלכע די אמעריקאנער פאן וועט זיך פאנאנדערוויקלען, טויזענטער מענער, פרויען, קינדער. קום שנעל!

— נוט, איך גיי.

ווען די גאנצע פאמיליע איז געגאנגען זען דעם גרויסן פאראד לכבוד די צען יאר אויטאנאמיע פון דער אידישער בראנקס, ניו־יארק, האט שלמה זיך געפילט ווי דאס וואלט געווען זיין אייגענער, פערזענלאכער גרויסער יום־טוב. זיין אסתר איז גאר א נייע געווארן, גאר ניט די, וואס היינט אין דער פרי. א נייע! און קלאר איז געווארן שלמה'ן, אז זיין אסתר איז נאענטער צו די קינדער ווי ער, אז אסתר און די קינדער זיינען נאענטער צו דעם נייעם לאנד ווי ער, און אז אסתר, די קינדער און דאס נייע לאנד זיינען פאר אים אלץ.

און באוואונדערט האט ער שטארק די גרויסע הייזער אויף דעם ברייטן גרענד קאנקורס און מיט דעם גרעסטן צוטרוי און ליבע האט ער געקוקט אויף דער ריזיקער פארשידנארטיקער מאסע, וואס האט אנגעפאקט די ברייטע גאס אזוי ווייט, ווי דאס אויג האט נאר געקאנט כאפן. און מיט ענטוזיאזם האט ער אויפגענומען יעדע ארויפפליענדיקע ראקעט, ווי דאס וואלט הויך ארויפגעפלויגן א גרויסע האפנונג פון זיין אייגענעם לעבן.

אהיימגייענדיק, האט אסתר זיך צערעדט. נאך קיינמאל, פון זינט זי איז אהער אריבערגעקומען, האט זי געפונען אזוי פיל ווערטער פאר שלמה'ן, ווי איצט. די גאנצע אומצופרידנקייט און ביטערקייט, וואס האט זיך אין איר געזאמלט פאר דער גאנצער צייט פון איר לעבן דא, און וואס האט היינט אין דער פרי דערגרייכט דעם העכסטן פונקט, האט זיך איצט ווי אויפגעלעזט, און איר לעבן איז באלויכטן געווארן מיטאמאל, ווי א רייכער זאל ווערט פון אלע זייטן, אין אלע ווייטסטע ווינקלען, באלויכטן אין א גרויסן יום־טוב.

ווייל די ליבע פון שלמה'ן און אסתר'ן האט געברענט מיט דעם גלייכן פייער פון הויכע יום־טוב'דיקע ליכט. ווייל אסתר איז נאכגעגאנגען שלמה'ן אומעטום, האט אים נאכגעפאלגט ביים שטיינן און ביים פאלן, אויף בארג און אין טאל, אין רעגנדיקע און אין לויטערע טעג.

זיי האבן זיך איינער דעם אנדערן ביז איצט געהאט אויף א ווייל פארלארן. א שווערע איינזאמקייט האט זיי דא געדריקט. די איינזאמקייט, וואס זיי האבן אין דער אלטער היים כמעט ווי ניט געפילט, וואס איז זיי דארטן אפטמאל גאר געווען א טרייער, ליבער פריינד, איז דא געווארן א ווארים, וואס האט גענאגט דאס הארץ און אויסגעצערט דעם מארך. קוים אבער האבן זיי פארשטאנען, אז די אורזאך פון זייער פרעמדקייט און אומצופרידנקייט דא איז די שרעקלאכע איינזאמקייט פון דעם יחיד, וואס איז יעדע רגע א טייל פון א ריזיקן כלל, פון עפעס א קאלאסאלן קהל, — קוים האבן זיי דאס קלאר איינגעזען, איז מיטאמאל די גאנצע שווערקייט פון יארן פארשוואונדן. און די ערשטע דאס צו דערפילן און פארשטיין איז געווען די פרוי — אסתר. און געבראכט צו אזא באוואוסטזיין האבן איר די קינדער.

אויפגעבליטע, גאר ווי נייגעבארענע זיינען זיי יענעם אווענט געזעסן ביים טיש מיט זייערע קינדער. פעני האט ניט אויפגעהערט צו לאכן פון עדים וויצן, — ער איז געווען א גרויסער וויצלינג און א קונציקער אימיטאטאר. אט האט ער געמאכט כלומר'שט א בייזן פנים און האט אויסגערופן: „וואט'ס מארא? קרייזי?„ — און פעני האט געלאכט אן אויפהער פון עדים נאכקרימען אן אירלענדער צי אן איטאליענער.

מיני האט געגעבן דעם קינד מילך פון א גלאז. בייבים „טעמפער“ איז איצט געווען איינגעשטילט. זי האט געשפילט מיט'ן שנירל קארעלן, וואס איז געהאנגען אויף מינים האלז, און האט צופרידן געמורמלט: „בא־בא־בא! דא־דא!“

שלמה און אסתר האבן גערעדט וועגן דעם שנעלן וואקסן פון די קינדער. זיי האט ניט געשראקן דער געדאנק וועגן דער גרויסער איינזאמקייט, וואס ווארט נאך אויף זיי ווייט אין דער צוקונפט, אויף דער עלטער. אזעלכע קינדער, האבן זיי געפילט, וועלן פון זיי ניט אוועקגיין. און אויב זיי וועלן מוזן אוועקגיין, זאלן זיי! צום ערשטן מאל אין די אלע יארן האבן זיי זיך דערפילט אזוי רייף און שטארק, גרייט אנטקעגנצוגיין יעדן אומגינסטיקן ווינט. יונג האבן זיי זיך געפילט, ווי נאך קיינמאל ניט ביז אהער.

ביז שפעט אין אווענט האבן זיי געפלוידערט און געשפילט זיך מיט די קינדער. שלמה איז אומגעקראכן אויף אלע פיר אויפ'ן דיל, פארשטעלנדיק אלערליי חיות. אסתר האט געזונגען פאר די קינדער א סך לידער. ביסלאכווייז זיינען דערוואקסענע און קינדער געווארן איינס, ווי עס וואלט אינגאנצן פארשוואונדן דער אונטערשיד אין עלטער. נאך מער, שלמה און אסתר האבן אפטמאל איינפאך געשטוינט, ווי די קינדער האבן זיך ארויסגעוויזן פאר קליגער פון זייערע עלטערן.

און גלייכגילטיק האבן זיי אין יענעם טאג אליין איבערגעריסן דעם לעצטן פאדים, וואס האט זיי צוזאמענגעבונדן צו דער אלטער תורה מסיני. און מיט פרייד האבן זיי אויפגענומען די נייע תורות, וואס זיינען געווענדט צום לאנד פון זייערע קינדער, וואו אזא לאנד זאל זיך ניט געפינען.

# דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון די אַ. ר. שולן

פון יעקב לעווין

דאָס איז געווען אַ שיינער און אַ וויכטיקער צוזאַמענפאָר. אַ שיינער — לויט דער אייניגקייט, וואָס האָט אויף אים געהערשט, לויט דער ארבעטזאַמקייט זיינער אכן לויט דעם שטרעבן פון אַלע דעלעגאַטן בייצוטראָגן וויפיל נאָר מעגלאַך צו דעם ערפאָלג פון די שולן. אַ וויכטיקער — לויט די פראַגן, וואָס זיינען אויף אים פאַרהאַנדלט געוואָרן; לויט די רעפעראַטן, וואָס זיינען דאָרט געלייענט געוואָרן, צוזאַמען מיט די דיסקוסיעס, וואָס זיי האָבן ארויסגערופן, און לויט די רעקאָמענדאַציעס און באַשלוסן, וואָס זיינען דאָרט אָנגענומען געוואָרן.

איידער איך בין געקומען אויפ'ן אַ. ר. שולן־צוזאַמענפאָר, בין איך געווען אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די אידישע פאָלקסשולן אין פילאַדעלפיע. איך האָב דאָרט געזען, ווי מענשן האָבן זיך גאַנצע טעג געריסן איבער דער פראַגע פון מאַנדאַטן און פון פאַרטרעטערשאַפט פון פאַרטייען; און אויף קאָנסטרוקטיווער ארבעט איז שוין דערנאָך ביי זיי כמעט קיין צייט ניט פאַרבליבן, און זיי האָבן געדאַרפט פאַרשידענע וויכטיקע באַשלוסן אָננעמען אין איילעניש. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געווען? ווייל אויפ'ן צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע זיינען געווען פאַרטראָטן שולן פון צוויי פאַרשידענע טיפּן — די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע און די שלום־עליכם־שולן. און די שולן פון איין טיפּ האָבן ניט קיין צוטרוי צו דעם צווייטן טיפּ. זיי האָבן גאָר געדאַרפט אָפּגעבן זייער ענערגיע, זיי זאָלן חלילה ניט דורכשמוגלען עפּעס אַ באַשלוס, וואָס איז געגן די צווייטע, אָדער זיי זאָלן חלילה ניט באַקומען קיין איבריקן פאַרטרעטער און מאַיאָריזירן די אַנדערע שולן. די ענערגיע איז דאָרט דעריבער אַוועק אויף קעמפן צווישן אַנאַנד, און אויף צוטראַכטן קאָמפּראָמיסן, וואָס זאָלן ביידן ווי עס איז האַלטן צוזאַמען.

גאַנץ אַנדערש איז געווען ביי אונז אויפ'ן צוזאַמענפאָר. אַלע שולן זיינען געווען פון איין סאָרט, פון איין טיפּ. עס איז ניט געווען קיין מורא פאַר דער מאַיאָריזירונג, אונטערדריקונג א. ד. ג. מצד אַ צווייטער שולע; עס איז ניט געווען קיין חשד און קיין ארומקוקן זיך אויף צדדים, און עס זיינען ניט נייטיק געווען קיין קאָמפּראָמיסן מיט אַ געגנערישן צד; די גאַנצע ענערגיע האָט דעריבער געקאָנט אַוועקגיין אויף קאָנסטרוקטיווער ארבעט. און איך האָב ביי זיך געטראַכט ביים צוזאַמענפאָר: אין פראַגן פון קולטור איז *פאַרייניגונג* אָדער צונויפגיסונג גאָר ניט אַזאַ מעלה. פאַרקערט: זאָל זיך יעדער צד ארבעטן אַזוי פריי ווי מעגלאַך; זאָל ער ניט מאַכן קיין קאָמפּראָמיסן און אַזוי פול ווי מעגלאַך דורכפירן זיין פּראָגראַם. דאָס וועט מער ווי אַלץ באַפרידיקן יעדן צד און די גאַנצע ענערגיע וועט אַוועק אויף בויען און ניט אויף באַקעמפן. זעט איר — *אייניגונג*, מיטהעלפען אָדער מיטאַרבעטן אין די פאַלן, וואו מען דאַרף ניט מאַכן קיין שום קאָמפּראָמיסן, דאָס יאָ, דאָס איז ווינשענסווערט. ווידער קיין קאָנקורענץ איז ניט נייטיק — עס איז פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר אַלע שאַטירונגען אין דער שול־ארבעט אויף דער אידישער ארבעטער־גאַס. אָבער וועלכע עס איז פאָרם פון פאַרייניגונג, ביי וועלכער עס ווערט געשטעלט אין געפאַר כאָטש וואָס עס איז דער פּרינציפּיעלער, פּראָגראַמאַטישער זייט פון דער שול אָדער פון דער ריכטונג, פון דעם גייסט, אין וועלכן עס ווערט געפירט די דערציאונג פון די קינדער אין די שולן, איז פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שול־ארבעט פיל מער שעדלאַך איידער נוצלאַך און דאַרף דעריבער ניט דערלאָזט ווערן. פון דער ווייטנס קאָן מען זיין די בעסטע פריינד און אַפילו מיטהעלפן איינע די אַנדערע; פּאָווייניקט — וואָלטן זיך אָנגעהויבן שעדלאַכע רייסערייען פון אינווייניק, און דאָס וואָלט זיכער געבראַכט מער שאָדן, ווי נוצן.

דאָס, וואָס אויף יענעם צוזאַמענפאָר האָט געדויערט טעג די קאָנסטרוירונג פון צוזאַמענפאָר, האָט ביי אונז גענומען 15 מינוט. און דערנאָך איז דער צוזאַמענפאָר צוגעטראָטן צו די באַריכטן פון די ערטער און צו די פאַרשידענע וויכטיקע פראַגן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן טאָג־אָרדענונג, און די ארבעט איז דערנאָך געגאַנגען אָנגעשטרענגט און ניט איבערבראָכן די גאַנצע צייט פון צוזאַמענפאָר.

אויפ'ן טאָג־אָרדענונג פונ'ם צווייטן אַ. ר. שול־צוזאַמענפאָר זיינען געשטאַנען צוויי סאָרטן פראַגן, ביידע גלייך וויכטיקע. איין סאָרט פראַגן זיינען געווען ריין *מעטאָדישע*: ווי אַזוי בעסער צו לערנען אין די קלאַסן, באַזונדערס אין די אָנפאַנגער־קלאַסן; ווי אַזוי צו לערנען געשיכטע אַזוי, אַז די קינדער זאָלן זי בעסער געדענקען און בעסער פאַרשטיין; ווי אַזוי אָנצופירן די קלובן; ווי אַזוי אויסצוגעפינען די פעאיגקייטן פון די קינדער און דערנאָך צופּאַסן דאָס לערנען צו די פעאיגקייטן זייערע; ווי אַזוי איינצופירן אַן איינהייטלאַך אויסלייגן אין אַלע שולן א. ד. ג. די דאָזיקע פראַגן זיינען פאַרהאַנדלט געוואָרן אויפ'ן צוזאַמענפאָר ניט נאָר מיט דעם נייטיקן ערנסט, נאָר אויך מיט דער געהעריקער קענטשאַפט און אינטעליגענץ. אינטערעסאַנט זיינען געווען סיי די רעפעראַטן, סיי די דיסקוסיעס וועגן זיי און יעדער לערער און שול־טוער וואָס איז געווען אויפ'ן צוזאַמענפאָר האָט דערביי זיכער זייער פיל גענאָסן. אַלע אַנוועזנדע האָבן זיך אויסגעטוישט מיט זייער ערפאַרן פאַר'ן יאָר און מיט זייער לערנען פאַר דער צייט און אויף אַזאַ'ן אופן געהאָלפן איינע די אַנדערע.

דער צווייטער סאָרט פראַגן זיינען געווען וועגן דעם גייסט פון דער שול, וועגן דער ריכטונג, אין וועלכער עס דאַרף געפירט ווערן די דערציאונג פון די קינדער אין דער אַ. ר. שול.

פאַראַיאָרן, אויף דעם ערשטן שולן־צוזאַמענפאָר פון אַ. ר., האָט מען אָנגענומען אַ פּראָגראַם פאַר די אַ. ר. שולן און אויף אַזאַ'ן אופן ארייַנגעטראָגן איינהייטלאַכקייט אין די לימודים. יעדע שול האָט שוין מער אָדער ווייניקער גענוי געוואוסט וואָס מען דאַרף לערנען אין יעדן קלאַס. אָבער וועגן דער ריכטונג פון דער דערציאונג, וועגן דעם גייסט פון דער דערציאונג אין דער אַ. ר. שול, איז נאָך אַלץ געבליבן פיל צו ווינשן. קיין איינהייטלאַכקייט אין דער הינזיכט איז נאָך ניט געווען. אַלע לערער האָבן געוואוסט, אַז דאָס ציל פון אַ. ר. שולן איז צו דערציען דאָס אידישע ארבעטער־קינד, עס זאָל קאָנען פאַרזעצן דעם קאַמף פון זיינע עלטערן פאַר אַ בעסערער צוקונפט . . .

אָבער אָט די פאָרמולע איז אַ צו אַלגעמיינע. קיין קאָנקרעטן אינהאַלט האָט מען אין איר ניט ארייַנגעלייגט, און די לערער האָבן זי געקאָנט אויסטייטשן, ווי עס האָט זיך זיי געגלוסט. איינינע האָבן דאָס פאַרשטאַנען אַזוי, אַז די אױפגאַבע פון די לערער איז צו זיין אַקטיוו, און זיי דאַרפן נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו פאַראינטערעסירן די קינדער מיט די וויכטיגע געשעענישן אינ'ם ארבעטער־לעבן און מיט דעם טאָגטעגלאַכן קאַמף פון זייערע ארבעטער־עלטערן; אַז זיי, די לערער, דאַרפן ניט בלויז ביי אַ צופאַל *דערלויבן* זיך צו שמועסן מיט די קינדער וועגן אַזעלכע זאַכן, ווי סאָציאַלע גערעכטיקייט, נאָר אויסנוצן יעדן פּאַסיקן מאָמענט און יעדע וויכטיקע פּאַסירונג סיי אין קלאַס סיי אין געזעלשאַפט צו שמועסן מיט זיי וועגן דעם און איינצופלאַנצן אין זיי העכערע עטישע באַגריפן. אַנדערע ווידער האָבן שטאַרק מורא געהאַט פאַר אָט דער זייט פון דער דערציאונג אין דער שול, עס זאָל ניט אויסקומען, אַז מען פּרעדיקט חלילה סאָציאַליזם פאַר די קינדער אין די שולן. און זיי פלעגן מערסטנטיילס אויסמיידן אַזעלכע שמועסן, אָדער זיי פלעגן זיין פּאַסיוו: אויפנעמען אַ שמועס בלויז דאַן, ווען מען פלעגט זיך שוין ניט קענען העלפן, ווייל די קינדער אַליין האָבן אים געבראַכט, און מען האָט ניט געקאָנט אָפּ'פּטר'ן זיי מיט גאָרנישט, אָבער אַליין קיינמאָל די קינדער אויף דעם ניט ארויספירן.

פאַרשידן איז אויך געווען די באַציאונג פון די לערער צום לימוד פון געשיכטע און באַזונדערס פון די לעגענדעס און צו דעם אופן ווי זיי איבערצוגעבן; ניט איינהייטלאַך איז אויך

געווען די באַציאונג צו די ימים־טובים און צו דעם אינהאַלט, וואָס מען לייגט אין זיי אַריין. אַזוי אַז פּאַקטיש איז ניט געווען קיין איינהייטלאַכקייט אין אונזערע שולן אין פּרט פון דער דערציאונגס־ריכטונג, פון דעם גייסט, וואָס האָט געהערשט אין זיי.

דער צווייטער צוזאַמענפאָר איז געווען באַרופן אַזאַ איינהייטלאַכקייט איינצופירן. ער האָט געדאַרפט אַריינטראָגן איינהייטלאַכקייט אין דעם גייסט פון די שולן, ווי דער ערשטער צוזאַמענפאָר האָט אַריינגעטראָגן איינהייטלאַכקייט אין פּראָגראַם. צי האָט ער דאָס דערגרייכט?

קיין קאַטעגאָריש פּאָזיטיוון ענטפער קאָן מען אויף דעם ניט געבן. מען האָט אויף דעם צוזאַטענפאָר פיל גערעדט און דיסקוטירט וועגן דער פראַגע, אָבער מען האָט וועגן איר קיין באַשלוס ניט אָנגענומען, קיין רעקאָמענדאַציע אפילו ניט אַרויסגעטראָגן. עס איז קיין שום פאָרם פון אָפּשטימונג וועגן דער פראַגע ניט פאָרגעקומען אויפ'ן צוזאַמענפאָר, און עס קאָן דעריבער קיין רייד ניט זיין וועגן אַ **גענויער** אָפּשאַצונג פון דער שטימונג פון די דעלעגאַטן, אָדער וועגן באַשטימען די צאָל מיט ראַדיקאַלערע אָנשויאונגען און די צאָל מיט ווייניקער ראַדיקאַלע. די פראַגע איז אויף אַזאַ אופן געבליבן אָפן. קיין איינהייטלאַכקייט, קיין פאָרמעלע אפילו, איז ניט איינגעפירט געוואָרן, און ווען עס וועלן ניט אָנגענומען ווערן קיין באַשטימטע מיטלען אין דער ריכטונג, וועט אין אונזערע שולן אין דער הינזיכט אויך ווייטער הערשן אַ כאַאָס.

איין זאַך אָבער איז געווען קלאָר אויפ'ן צוזאַמענפאָר: עס זיינען נאָך פאַראַן ביי אונז אין די שולן אַזעלכע לערער, וועלכע קוקן אויף אונזערע שולן, ווי אויף געוויינטלאַכע אידישע נאַצ.־ראַדיקאַלע שולן (אָדער פאָלקס־שולן, ווי יענע הייסן איצט), ווי אויף שולן, וואָס שיידן זיך אונטער פון די פאָלקס־שולן בלויז מיט'ן נאָמען. זיי האָבן זיך נאָך ניט דורכגעדרונגען מיט די באַזונדערע פרינציפּן פון דער אַ. ר. שול: מיט איר וועלטלאַכקייט (ניט בלויז אין זין פון דיינקייט פון רעליגיע, נאָר אויך אין זין פון ריינקייט פון נאַציאָנאַליסטישקייט, פון אַקטיוון נאַציאָנאַליזם) און מיט איר סאָציאַליסטישקייט—אין זין פון **אַקטיווער אָנרעגונג פון די קינדער** צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם אַרבעטער־לעבן און דעם אַרבעטער־קאַמף און פון דערציען די קינדער אין די העכערע באַגריפן פון געזעלשאַפטלאַכער מאָראַל. איינציגע לערער אונזערע לייקענען אפילו די עקזיסטענץ פון אַ באַזונדער טיפּ אַ. ר. שול; זיי אָנערקענען ניט, אַז עס איז דאָ אַן אָפּיציעלער שטאַנדפונקט פון'ם אַרב.־רינג וועגן דער פראַגע און זיי האַלטן, אַז אָט דער שטאַנדפונקט דאַרף זיך ערשט אויסאַרבעטן, און אַז אויסאַרבעטן אים זיינען באַרופן טאַקע די לערער.

די ראָזיקע מיינונג איז, דוכט מיר, אַ פאַלשע אין צוויי הינזיכטן. ערשטנס — האָט די אַ. ר. שול איר אויסגעשפּראָכענעם פּנים, ריכטיקער, איר אויסגעשפּראָכענע צילן, וויניקסטענס לויט ווי די גרינדער פון די אַ. ר. שולן האָבן זיי פאַרשטאַנען (אַ שול אַ וועלטלאַכע און אַן עטיש־סאָציאַליסטישע). און צווייטנס, זיינען ניט די לערער באַרופן אָט די צילן צו באַשטימען, אויסצואַרבעטן אָדער ענדערן. די לערער זיינען די איינציקע, וועלכע דאַרפן באַשטימען אַלע פראַגן פון „**ווי?**“, די אַלע **מעטאָדישע** פראַגן: ווי **בעסער** צו לערנען, ווי **לייכטער** און מיט מער ערפאָלג דורכצופירן אין די שולן די אָנגענומענע פּראָגראַם און צו פאַרווירקלאַכן אין זיי די אָנגעצייכנטע צילן. די אַלע פראַגן אָבער פון „**וואָס** צו לערנען?“ — פראַגען פון **פּראָגראַם** — אויך וואָס פאַר אַ **גייסט** עס דאַרף הערשן אין די שולן — דאָס איז אַ זאַך ניט פאַר די לערער צו באַשטימען, נאָר פאַר די טאַטעס פון די קינדער אַליין, אָדער ריכטיקער, פאַר זייערע פאַרטרעטער, ווייל ניט אַלע עלטערן קאָנען זיך אַליין פאַנאַנדערקלייבן אין דעם. אין אונזער פאַל — דער אַ. ר. אַלס גאַנצער אָדער זיינע פאַרטרעטער. געוויס די לערער אונזערע, אַלס מענשן, וואָס זיינען אָפּטמאָל ניט בלויז אָנגעשטעלטע אין די שולן, נאָר אויך טיף פאַראינטערעסירטע אין דעם ערפאָלג און אין דער אַנטוויקלונג פון דער שול־באַוועגונג און וועלכע קענען אין דער זעלבער צייט פיליכט בעסער פון אַנדערע אָריענטירן זיך אין די שול־פראַגן, דאַרפן האָבן דאָס פולע רעכט צו לאָזן הערן אויך זייער שטימע וועגן די פראַגן; אָבער ניט זיי דאַרפן זיין די איינציקע און ניט זיי דאַרפן אפילו האָבן דאָס לעצטע וואָרט ביים באַשטימען אָט די פראַגן.

ווי דאָס זאָל ניט זיין, די גאַנצע פראַגע וועגן דעם גייסט פון די אַ. ר. שולן, וועגן דער ריכטונג פון דערציאונג אין זיי, איז קאָנקרעט אויף דעם צוזאַמענפאָר ניט פאָרמולירט געוואָרן. און עס וועט נייטיק זיין פאַר דעם בילדונגס־קאָמיטעט צוזאַמען מיט דער שול־קאָמיסיע אויף אָט דער פראַגע געבן אַן ענטפער און געבן אים אַזוי שנעל ווי מעגלאַך, כדי די לערער זאָלן וויסן דעם **אָפּיציעלן שטאַנדפּונקט** פון'ם אַרב. רינג אויף דער פראַגע. דאָס איז נייטיק אויך צוליב נאָך איין זאַך. און אָט צוליב וואָס.

מען דאַרף נאָך אָנווייזן אויפ'ן באַשלוס פון צוזאַמענפאָר, צו עפענען איינגענע אַ. ר. לערער־קורסן, ווען עס וועט ניט מעגלאַך זיין צו אַרבעטן צוזאַמען מיט'ן עקזיסטירנדן לערער־סעמינאַר. די קאָנווענשן פון אַ. ר. האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן דעם, אַראָפּוואַרפנדיק דעם באַדינג: זי האָט באַשלאָסן, דער בילדונגס־קאָמיטעט זאָל זיך מיט קיינעם ניט פאַרייניקן און זאָל גרינדן איינגענע לערער־קורסן.

באַדויערן אָט די מאָדיפיקאַציע פון דעם באַשלוס דורך דער קאָנווענשן איז ניטאָ וואָס. און ווידער טאַקע — צוליב אויסמיידן סכסוכים און צוליב איינשפּאָרן די ענערגיע פאַר ריין בויענדער אַרבעט אַנשטאָט צו פאַרשווענדן זי אויף פאַרהאַנדלונגען מיט דעם סעמינאַר, אויף חשדים און אויף מורא, טאָמער ווערן אונזערע אינטערעסן דאָרט פאַרגוואַלדיגט, אָדער טאָמער פאַרגוואַלטיקן מיר וועמעס עס איז אַנדערע אינטערעסן.

די אַרבעט צו גרינדן די אַ. ר. לערער־קורסן איז אַ פאַראַנטוואָרטלאַכע און אַ שווערע, באַזונדערס נאָך, ווייל זי איז אַ נייע. עס וועלן מוזן זיין שוועריקייטן סיי מיט צוהערער, סיי מיט לעקטאָרס און סיי מיט אַ פאַרוואַלטער. אָבער די אַלע שוועריגקייטן וועלן זיכער ביינעקומען ווערן, און דער אַ. ר. וועט אין זיינע לערער־קורסן מיט דער צייט האָבן איינע פון זיינע שענסטע אינסטיטוציעס.

עס איז אויך צו באַגריסן די רעקאָמענדאַציע פון'ם צוזאַמענפאָר צו עפענען העכערע קלאַסן (אַן אַ. ר. מיטל־שול) אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, און אויך זיין באַשלוס, אַז היי־יאָר מוז געשאַפן ווערן אַ לערער־זשורנאַל. ער האָט זיכער קלוג באַשלאָסן, אַז אויב די קאָנווענשן פון אַ. ר. וועט דאָס ניט באַוויליקן, זאָלן די לערער אין די שולן אויף זייער איינגענער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט און אויף איינגענע הוצאות (ביישטייערנדיק צו 1 דאָלאַר יעדער מאָנאַטלאַך) אַרויסגעבן אַזאַ זשורנאַל. מען דאַרף האָפן, אַז גאָר אין גיכן וועט אַזאַ זשורנאַל אָנהייבן אַרויסצוגיין. וועגן זיין נייטיקייט קאָנען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. די לערער און די שול־טוער מוזן האָבן אַ פּלאַץ, וואו זיי זאָלן זיך קאָנען אויסטוישן מיט זייערע מיינונגען און מיט זייער ערפאַרן. עס מוז אויך זיין אַ פּלאַץ, וואו עס זאָל קאָנען פאַרעפנטלאַכט ווערן אַלצדינג, וואָס עס ווערט געטאָן וויכטיקס אויף די געביטן פון מעטאָדן און פּראָגראַם פון די איד. שולן.

דער צוזאַמענפאָר האָט אויך קלאָרער געמאַכט, וואָס עס דאַרף זיין דער סטאַטוס פון דער שול־קאָמיסיע. ער האָט זי געמאַכט פאַראַנטוואָרטלאַך ניט בלויז פאַר דעם בילדונגס־קאָמיטעט, נאָר אויך פאַר אים אַליין; ער האָט אויך אויפגעפאָדערט דעם בילד. קאָמיטעט, יענער זאָל צו דער שול־קאָמיסיע איבערגעבן צו באַטראַכטן אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו די שולן, איידער ער, דער בילדונגס־קאָמיטעט, טראָגט וועגן זיי אַרויס באַשלוסן.

מיט איין וואָרט — דער 2־טער צוזאַמענפאָר פון די אַ. ר. שולן האָט באַוויזן, אַז די שולן זיינען געקומען צום פאַרבלייבן; אַז זיי ווערן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג און וואָרצלען זיך אַלץ טיפער איין צווישן די ברייטע מאַסן מיטגלידער פון דעם אָרדן און אויך אין זייערע הערצער; אַז די גאַנצע שול־באַוועגונג פון אַ. ר. האַלט אין איין וואַקסן, ווייל זי באַפרידיקט קענטיק איינע פון די נייטיקסטע און ברענענדסטע באַדערפענישן פון די ברייטסטע מאַסן פון דער אַ. ר. מיטגלידערשאַפט; און אַז דער גרעסטער טייל פון'ם לערער־באַשטאַנד פון די שולן און אויך די שול־טוער, וואָס שטייען נאָענט צו דער שול־באַוועגונג, זיינען אַן עלעמענט, אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן, אַז זיי וועלן טאָן אַלצדינג, אַז די שולן זאָלן וואַקסן און צעבליען זיך: זיי האָבן אויף דעם גענוג אינטעליגענץ און ניט ווייניקער אידעאַליזם.

# ערעפנונג פון דער איין און צוואַנציגסטער קאָנווענשן

די 21-טע יערליכע קאָנווענשן פון א. ר. ווערט ערעפנט זונטאָג דעם 1-טן מאַי, אום 2.15 בייטאָג, אין באָסטן אָפּערא הויז. דער גרויסער טעאַטער איז פול געפּאַקט מיט טויזענטער מענשן, וועלכע זיינען געקומען פון באָסטן און אומגעגענט בייצוואווינען די ערעפנונג, טראָץ דעם גרויסן רעגן.

נאָכדעם ווי א שיינער קאָנצערט ווערט געגעבן פון מ. פּאדערסאָנס סימפאָניע אָרקעסטער, ווערט די ערשטע זיצונג ערעפנט פון דר. ל. פּאַלמער, פון לייבאָר ליג. ער זאָגט צווישן אנדערעס:

די 21-טע קאָנווענשן פון אַרבייטער רינג איז אויסגעפאַלן צו זיין אין באָסטן, און מיר אַלע פרייען זיך מיט דעם פאַקט. נאָכדעם ווי ס'איז אָנגעפירט געוואָרן אַזאַ לאַנג-יעריגער און מוטיגער קאַמף, נאָכדעם ווי מאַנכע מיטגלידער פון לייבאָר ליג האָבן שוין אָנגעפאַנגען צו צווייפלען צי דער אַרבייטער רינג וועט ווען עס איז ווערען געזעצלאַך אין מאַסאַטשוזעטס, און אויב מיר האָבן דאָך דעם אַרבייטער רינג דאָ, און זיי האָבן אונז באַערט אַז די קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין באָסטן, מעג די חיגע אידישע אַרבעטער-באַוועגונג דערמיט שטאָלצירן. מיך אַרט ניט צי די קאָנווענשן גופא וועט געפירט ווערן פרידלאַך און האַרמאָניש, מיך פרייט איין זאַך, וואָס דער אַרבייטער רינג איז ענדלאַך געקומען צו אונז אין סטייט, און עס וועט יעצט געשאַפן ווערן איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע.

ער שטעלט דאַן פאָר דעם טשערמאַן פון א. ר., י. ע. ישורין. ער ווערט וואַרעם אַפּלאָדירט פון אַלע פאַרזאַמעלטע. מיס בלום זינגט די א. ר. מאַרסעליעזע אין באַגלייטונג פון אָרקעסטער.

ער האַלט א גלענצענדע רעדע, אין וועלכער ער האָט אַרומגענומען דעם לאַנגן פּעריאָד, וואָס דער א. ר. האָט אָנגעפירט זיין קאַמף צו קריגן דעם טשאַרטער אין מאַסאַטשוזעטס סטייט. ער זאָגט טיילווייז:

21 יאָר עקזיסטירט שוין דער אַרבייטער רינג. 20 יערליכע קאָנווענשנס זיינען שוין געהאַלטן געוואָרן דורך דער צייט אין פאַרשידענע שטעט פון די פאַראייניגטע שטאַטן פון אַמעריקע. קיינע אָבער פון די קאָנווענשנס, וועלכע זיינען געהאַלטן געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויסער די 15-טע קאָנווענשן אין שיקאַגאָ, וועלכע איז געווען שיין און פּרעכטיג און האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פון היינטיקער קאָנווענשן, אָננעמענדיק די פּראַטוירנאַל רייטס, טראָץ דעם וואָס מאַנכע זיינען געווען אויסערגעוויינלאַך איינדרוקספול און האָבן געפאַסט באַשלוסן פון גרויסער וויכטיגקייט פאַר דעם ווייטערדיקן וואוקס פון אַרבייטער ריג, זיינען ניט געווען פון אַזאַ היסטאָרישער באַדייטונג ווי די היינטיקע, יערליכע קאָנווענשן, געהאַלטען אין באָסטן.

די איינפירונג פון פּראַטוירנאַל רייטס אין אַרבייטער רינג איז געווען א פולשטענדיקע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אָנגעמאַכט ניט קיין קליינעם שטורם אין די רייען פון די אַרבייטער רינג מיטגלידער, און הויפּטזעכלאַך צווישן די אַקטיווע טוערס אירע. צוויי קעמפענדע לאַגערן זיינען געשאַפן געוואָרן צוליב דער פּראַטוירנאַל רייטס פראַגע, וועלכע האָט געשייגט פאַר מאַנכע געגנער פון פּראַטוירנאַל רייטס צו זיין ניט מער און ניט ווייניגער ווי א רואינע פאַר'ן אַרבייטער רינג. מען האָט פּראָקלאַמירט פון די פּלאַטפאָרמעס, אַז טויזענטע מיטגלידער פון אַרבייטער רינג, וועלכע זיינען שוין לאַנג אָנגעשלאָסן אָן דעם אָרדן און זיינען אין די עלטערע יאָרן, וועלן ניט זיין אימשטאַנד צו טראָגן דעם שווערן לאַסט פון גרויסע צאָלונגען אויב פּראַטוירנאַל רייטס וועלן איינגעפירט ווערן.

דער קאַמף איז נאָך געוואָרן מער פאַרביטערט צוליב דעם קאַמף פון די אַלטע און יונגע, וואָס איז דעמאָלס אָנגעגאַנגען אין אַרבייטער רינג.

ווער געדענקט עס ניט דעם קאַמף אין אַרבייטער רינג צווישן די „אַלטע און יונגע“, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן פון דער ניו-הייווענער קאָנווענשן. דער דאָזיקער היסטאָרישער קאַמף איז געפירט געוואָרן פון א קליינער גרופּע, געפירט פון איינעם, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו זיין דער רעטער פון דעם שיינעם נאָמען פון אַרבייטער רינג, פון דעם סאָציאַליסטישן גייסט, וועלכער איז כלומר'שט פאַרשוועכט געוואָרן פון די אַלטע.

דער אָנפירער אָבער פון ברודער-קריג, וועלכער האָט פּאַראַדירט אונטער דעם שלייער פון סאָציאַליזם, דער דאָזיקער דאָן-קיכאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א סאָציאַל-פּאַטריאָט, און זינקענדיק שטופּענווייז האָט ער דערגרייכט די מדרגה פון אַן אָפענעם אַגענט פון רעאַקציע. די רויטע פאָן איז ביי אים פאַרביטן געוואָרן אויף א טלית-קטן, און גראָד די אַלטע טוער זיינען געבליבן טריי די אמת'ע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן; אָבער אין יענער צייט זיינען ליידער געווען מענשן, וואָס האָבן אים גענומען ערנסט און האָבן אים אונטערשטיצט אויך אין דעם קאַמף געגן פּראַטוירנאַל רייטס.

אויך איז דער קאַמף געפירט געוואָרן פון עלטערע ברענטשעס, וועמעס מיטגלידער עס זיינען דירעקט אָנגערירט געוואָרן דורך די רייטס.

אָבער די מיטגלידער פון אַרבייטער רינג האָבן דורך צוויי רעפערענדומס גוטגעהייסן די רייטס, ביז די פּראַטוירנאַל רייטס זיינען געוואָרן דער פונדאַמענט פון אונזערע צאָלונגען.

איינע פון די אורזאַכן, וואָרום דער אַרבייטער רינג איז אַזוי עקשנות'דיק געווען פאַראינטערעסירט איינצופירן פּראַטוירנאַל רייטס, איז הויפּטזעכלאַך געווען צוליב דעם, וואָס דער אַרבייטער רינג איז ניט געווען געטשאַרטערט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, און פאָלגלאַך האָט ער ניט געקענט האָבן קיינע ברענטשעס, אָדער אָפּערירן אין דעם סטייט. מיט 11 יאָר צוריק, האָט דער אַרבייטער רינג געהאַט ברענטשעס אין מאַסאַטשוזעטס און איניגע טויזענטע מיגלידער זיינען געווען אָן איהם אָנגעשלאָסן, ביז וואַנען עס איז אַנטשטאַנען אין לעבן פון אַרבייטער רינג אַן אויסערגעוויינלאַכע פּאַסירונג: א נייע אָרגאַניזאַציע איז אַרויפגעשוואוּמען אין דעם סטייט, וועלכע האָט זיך א נאָמען געגעבן „דער אינדעפּענדענט אַרבייטער רינג“, און עס האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה פון קאָנקורענץ פון איין אָרגאַניזאַציע געגן דער אַנדערער, ביז עס איז געקומען צו אַזאַ מאָמענט, אַז אונזערע ברענטשעס האָבן שוין מער ניט געקענט פונקציאָנירן. אונזערע געגנער האָבן זיך באַמיט, אַז די ברענטשעס פון אַרבייטער רינג זאָלן זיך ניט קענען פאַרזאַמלען, און האָבן איניגע ברענטשעס געוואַגט צו פאַרזאַמלען זיך, זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן פון דער פּאָליציי און די טוערס פון אַרבייטער רינג זיינען געפירט געוואָרן איבער די גאַסן, זייענדיק אַרעסטירט.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן, האָט דער אַרבייטער רינג ניט געקענט מער אָפּערירן אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען פון „לייבאָר ליג“. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אין פאַרלויף פון די לעצטע 11 יאָר צייט געווען דער אַרבייטער רינג אין מאַסאַטשוזעטס סטייט. די איבערגעגעבענע מיטגלידער פון אַרבייטער רינג, וועלכע האָבן באַלאַנגט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט צום אַרבייטער רינג, זיינען אַריינגעטראָטן אין לייבאָר ליג און האָבן געדולדיק געוואַרט, ביז וואַנען עס וועט קומען א מאָמענט, ווען דער גרויסער מעכטיקער אַרבייטער רינג וועט ווערן געזעצלאַך אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

יאָרן לאַנג פלעגט מען ביי די שליסונגען פון די אַרב. רינג קאָנווענשנס מיט התפּעלות אויסשרייען: לשנה הבאה בבאָסטן!

דער דאָזיקער טרוים איז פאַרווירקליכט געוואָרן.

די פאָן פון אַרבייטער רינג האָט אָנגעהויבן פלאַטערן אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, דעם 31-טן יאַנואַר, 1921.

דער אַרבייטער רינג איז געקומען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט צו „טאָן ביזנעס“, און וועט ניט רוען, ביז וואַנען יעדער ראַדיקאַלער, אידישער אַרבעטער, וועלכער געפינט זיך אין דעם סטייט, וועט ניט רעקרוטירט ווערן צום דינסט פון אַרבייטער רינג.

און יעצט, ווען דער אַרבייטער רינג איז שוין געקומען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, ווען דער לייבאָר ליג גייט ווערן א טייל פון אַרבייטער רינג, איז ניטאָ קיין אורזאַך, וואָרום עס זאָל ניט זיין איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע.

מיט דער איינפירונג פון פּראַטוירנאַל רייטס איז דער אַרב. רינג היינטיקן טאָג נאָך מער שטאַרקער, גרעסער און זיכערער, ווי אירגענד וועלכע אָרגאַניזאַציע. און די קאַריקאַטורן פון אַרבייטער רינג, וואָס פּאַראַדירן מיט זיין פּרעכטיקן נאָמען, האָבן קיין עקזיסטענץ-באַרעכטיגונג אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע.

עס וועט דארום זיין איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער נייער ערוויילטער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אָנצושטרענגען אַלע אירע מיטלען אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנס-געביט אין מאַסס. סטייט, ווייל דער אַרבייטער רינג האָט פאַר זיך יעצט א ברייט פעלד, גרויסע האָפנונגען פאַר ערפאָלגרייכער אַקטיוויטעט.

אויסער דעם וואָס דער אַרבייטער רינג איז געווען ערפאָלגרייך באַקומענדיק א טשאַרטער אין מאַסס. סטייט, האָט דער אַרבייטער רינג אין אַלגעמיין געהאַט אַן ערפאָלגרייכן יאָר אויף אַלע אַנדערע געביטן.

דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע איז אויסגעקומען היינטיקן יאָר צו אַרבעטן אונטער אויסערגעוויינלאַך אומגינסטיקע אומשטענדן. אין לאַנד האָט עקזיסטירט און עקזיסטירט נאָך ביז יעצט א שרעקלאַכער אינדוסטריעלער קריזיס. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע, און ספּעציעל די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דעם קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער. און א דאַנק דער סיסטעמאַטישער אַרבעט און דער פּראַקטישער מאַשינעריע, וועלכע דער אַרבייטער רינג באַזיצט איבערן גאַנצן לאַנד, א דאַנק די פאַרשידענע דיסטריקט קאָמיטעטן, צאָלריכע ברענטשעס און

מיטגלידער פון ארבייטער רינג, האָבן מיר געהאַט אין פאַרלויף פון דעם יאָר אַ ריינעם צואוואוקס פון איבער 6000 מיטגלידער.

דאָס דעמאָנסטרירט אַם שטאַרקסטן די קראַפט, וואָס דער ארבייטער רינג באַזיצט, וועמענס פאָרטשריט עס קען ניט געשטערט ווערן פון אירגענד וועלכע אומשטאַנדן. דער ארבייטער רינג האָט שוין אַזאַ מזל, אַזאַ צוציהונגס־קראַפט אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע, אַז מען שטראָמט צו אים. יעדערער פילט אַ באַגער צו באַלאַנגען צום ארבייטער רינג.

דער צווייטער קאַמפּיין פון ארבייטער רינג פאַר די מלחמה־קרבנות, איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט אונזער מיטגלידערשאַפט קאַמפּיין. די גאַנצע מאַשינעריע פון ארבייטער רינג איז געשטעלט געוואָרן צו דינסט פון דעם קאַמפּיין און, זעלבסטפאַרשטענדלאַך, האָט דער דאָזיקער קאַמפּיין ניט געקענט האָבן אַ צו גרויסן ערפאָלג, צוליב דער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד, אָבער אַ דאַנק דער ברייטהאַרציגקייט פון אונזערע מיטגלידער, וועלכע האָבן אָפּגעשפּאָרט זייער לעצטן ביסן פאַר זייערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים, איז דעם ארבייטער רינג געלונגען צו זאַמלען 60,000 דאָלאַר.

דער ארבייטער רינג שפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע אין געזעלשאַפטלאַכן לעבן פון די אידישע מאַסן אין אַמעריקע, און האָט דאַרום גענומען אַ שטעלונג אין יעדער פראַגע, וועלכע איז אַרויפגעשוואומען אויפ'ן טאָג־אָרדנונג.

איינע פון די פראַגן איז די געפּלאַנטע באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג. די שונאים פון אימיגראַציע האָבן זיך לעצטנס פאַרמאָסטן צוצומאַכן די טויערן פון אַמעריקע פאַר די טויזענטע, צענדליקע טויזענטע און הונדערטע טויזענטע אידן, וועלכע וואָלטן זיך וועלן אַרויסרייסן פון דעם גיהנום און פאַרשידענע פאַרפאָלגונגען, וועלכע זיי קומט אויס אויסצושטיין אין פוילן, רומעניע, עסטרייך און אונגאַרן, וואו דאָס לעבן פון די אידן איז אין אַזאַ שרעקלאַכן צושטאַנד. די פאַראייניגטע שטאַטן פון אַמעריקע זיינען געווען דער איינציקער פּלאַץ, דער עיר־מקלט פאַר אַלע פאַרפאָלגטע, אָבער די פּאָרדס, די דזשאָנסאָנס און זייערע קאָלעגן קענען ניט רוען. פאַר זייערע אויגן שוועבט די פאַנטאַזיע און געפאַר, אַז די אידישע אימיגראַנטן וועלן פאַרפלייצן אַמעריקע און זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען קאַראַאול אַזוי לאַנג, ביז וואַנען אַלע געזעצגעבער זיינען פאַר'סמ'ט געוואָרן מיט די זעלבע געפילן און עס האַלט דערביי, אַז אימיגראַציע זאָל די טעג באַגרענצט ווערן. דער ארבייטער רינג האָט גענומען אַ טיכטיקן אַנטייל אין דער באַוועגונג צו באַקעמפן די אימיגראַציאָנס־באַגרענצונג. די באַזונדערע ברענטשעס האָבן עס געטאָן און די צענטראַלע פאַרוואַלטונג האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען אויסצודריקן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט געגן דעם אין נאָמען פון די 84,000 טויזענט מיטגלידער פון אַ. ר.

איך צווייפל ניט, אַז די קאָנווענשן וועט אויך נעמען אַ געהעריקע שטעלונג אין דער דאָזיקער העכסט וויכטיקער און אָנגעווייטאָגטער פראַגע.

די צווייטע פראַגע, אין וועלכער דער ארבייטער רינג איז געווען בלוטיק פאַראינטערעסירט, איז די באַוועגונג פאַר דער פולשטענדיקער און אַלגעמיינער באַפרייאונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. די יעניגע, וועלכע שמאַכטן אין די קאַזעמאַטן פון דער דאָזיקער רעפּובליק פאַר זייערע ערלאַכע איבערצייגונגען. די יעניגע, וועלכע האָבן געהאַט מוט און קוראַזש אַרויסצוזאָגן זייערע מיינונגען אין דער צייט, ווען אַ שרעקלאַכע רעאַקציע האָט געבושעוועט איבער'ן גאַנצן לאַנד. די יעניגע, וועלכע זיינען די נאָבלסטע קינדער פון זייער פאָלק, דאַרפן באַקומען די מעגלאַכקייט צו פילן די שטראַלן פון דער זון און האָבן די געלעגענהייט צו זיין צווישן די יעניגע, וועלכע זיינען זיי נאָענט און טייער. דער ארבייטער רינג האָט מיט אַ פולער האַנט געהאָלפן די דאָזיקע באַוועגונג. צוזאַמען מיט אַלע רעכטדענקענדע און בעסטע עלעמענטן פון אַמעריקע.

עס איז ווירקלאַך ניטאָ קיין פּאַסענדערע צייט ווי היינט, דעם 1־טן מאַי, אין דעם טאָג, ווען מיליאָנען מענשן, אונזערע גלויבנסגענאָסן, פאַרזאַמלען זיך צו פייערן דעם הערלאַכן יום־טוב פון 1־טן מאַי, זאָלן מיר ניט שיקן אַ ברידערלאַכע באַגריסונג צו אַלע מאַרטירער פון אָט דער כאַאָטישער אָרדנונג.

דער צושטאַנד פון אַלע פאָנדס אין ארבייטער רינג איז אַ גלענצענדער. אום די דעלעגאַטן זאָלן האָבן אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס דער ארבייטער רינג שטעלט מיט זיך פאָר, וועל איך איבערגעבן נאָר איניגע ציפערן, דורך וועלכע מען קען אורטיילען וועגן די אויפטואונגען פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע.

| | |
|---|---|
| טויטן־בענעפיט אויסגעצאָלט - - | $97,447.93 |
| קראַנקן־בענעפיט - - - - - - - | 188,205.00 |
| קאָנסאָמפּשן־בענעפיט - - - - - - | 18,986.49 |
| סאַניטאַריום אויסגאַבן - - - - | 116,514.48 |
| אַדמיניסטריישן אויסגאַבן - - - | 68,387.55 |
| „פריינד“ - - - - - - - - - - - | 26,190.74 |
| אָרגאַניזאַציאָנס אויסגאַבן - - - | 11,901.17 |
| עדיוקיישאָנאַל אויסגאַבן - - - | 8,508.06 |
| שולן אויסגאַבן - - - - - - - - | 12,148.53 |

דער פאַרמעגן פון ארבייטער רינג דעם 31־טן דעצעמבער 1920 איז געווען $1,574,031.07.

די וואַליואַיישן פון ארבייטער רינג איז דעם יאָר 105.01.

באַטראַכטנדיק אַלע אויפטואונגען פון ארבייטער רינג פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, מעגן זיך די דעלעגאַטן פון דער קאָנווענשן, די ברענטשעס און מיטגלידער פון ארבייטער רינג גראַטולירן. מיר האָבן געהאַט אַן ערפאָלגרייכן יאָר, אונזער שיינער און פּרעכטיקער ארבייטער רינג האַלט אין איין בליען און וואַקסן, און איך וויל האָפן, אַז ער איז ווירקלאַך ניט ווייט דער מאָמענט, אַז נאָכדעם ווי דער לייבאָר ליג וועט צוזאַמענגעגאָסן ווערן מיט'ן ארבייטער רינג, וועלן די מיטגלידער און טוערס פון אינדעפּענדענט ארבייטער רינג איינזען, אַז זיי האָבן קיין שום באַרעכטיגונג ניט צו איזאָלירן זיך פון דער גאַנצער באַוועגונג, און וועלן האַנדלען אַזוי ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַן ארבייטער־אָרגאַניזאַציע, צו פאַראייניקן אַלע קרעפטן אין איין ארבייטער רינג, און מיר שטרעקן זיי אויס אַ ברידערלאַכע האַנט דערצו. און דאַן מיט פאַראייניקטע קרעפטן, וועלן מיר העלפן שאַפן דעם פּראָגרעס פון דער וועלט, ביז וואַנען עס וועט איבער דער גאַנצער וועלט הערשן ווירקלאַכע פרייהייט, ברידערלאַכקייט און גערעכטיגקייט.

י. ע. ישורין דערקלערט, אַבוואָל, לויט די געזעצן פון סטייט מאַסאַטשוזעטס, איז ער דער פאָרמאַלער טשערמאַן די גאַנצע צייט פון דער קאָנווענשן, דאָך וויל ער זיך טיילן מיט דעם גאַנצן כבוד, און ער בעט די דעלעגאַטן צו ערוויילן אַ טשערמאַן פאַר דעם היינטיקן מיטינג. אב עפּשטיין ווערט איינשטימיק ערוויילט אַלס טשערמאַן פון מיטינג.

אב. עפּשטיין האַלט אַ באַגייסטערטע רעדע, און ער זאָגט צווישן אַנדערעס:

אַלס ראַדיקאַלע אידישע אַרבעטער, האָבן מיר ניט קיין אייגענע יום־טובים, און מיר האָבן אימער געוואַרט אויף דער ארבייטער רינג קאָנווענשן, וועלכע איז ביי אונז געווען דער שענסטער יום־טוב. די היינטיקע קאָנווענשן האָב איך ספּעציעל אין זין. עס איז ניט דערפאַר, וואָס מיר האָבן ערגאָבערט מאַסאַטשוזעטס און מיר וועלען צוקריגן נאָך עטליכע טויזענט מיטגלידער; עס איז אויך ניט דערפאַר, וואָס מיר וועלן דורך דעם קריגן נאָך איניגע טויזענט דאָלאַר. דאָס, גלויב איך, אינטערעסירט ניט קיינעם. אויב מיר פרייען זיך מיט דער היינטיקער קאָנווענשן צוליב דעם וואָס מיר האָבן ערגאָבערט מאַסאַטשוזעטס, דעם שטאַט, וואו עס לעבט אַזאַ גרויסע צאָל אידישע אַרבעטער, איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל דורך דעם עפנט זיך פאַר'ן ארבייטער רינג אַ ניי־ברייט פעלד פאַר זיין פאַרשידענאַרטיקער טעטיגקייט. אויב מיר פרייען זיך מיט דעם זיג אין מאַסאַטשוזעטס, איז עס נעט דערפאַר, ווייל מיר ווילן מאָנאָפּאָליזירן די אידישע אַרבעט אויפ'ן פּראָפעסיאָנאַל געביט, נאָר דערפאַר, ווייל מיר ווילן האָבן איניגקייט אין אונזער באַוועגונג. אויב עס איז אַמאָל געווען אַ צייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען ס'איז נייטיק געווען איניגקייט, איז איצט די צייט. אין דעם מאָמענט, ווען מיר לעבן איבער אַזאַ שרעקלאַכע רעאַקציע, וועלכע פּרעסט אויף אונז אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אַט אין דעם מאָמענט איז די פּאָליטישע זייט פון אונזער באַוועגונג איינגאַנצן צעבראָקעלט. אין דעם מאָמענט, ווען קאַפּיטאַל האָט אָנגעשטרענגט אַלע מעגלאַכקייטן צו פאַרניכטן דעם אַנדערן טייל פון אונזער באַוועגונג — דעם עקאָנאָמישן טייל — אין דעם מאָמענט מוזן מיר פאַרלאַנגען איניגקייט אַמווייניקסטן אין דעם ארבייטער רינג, און זאָל דער ארבייטער רינג זיין אַ ביישפּיל, אַז עס קען און עס דאַרף און עס מוז זיין איניגקייט צווישן די אַרבעטער־מאַסן. צו די פריינדע פון אינדעפּענדענט ארבייטער רינג — איך בין זיכער, אַז ס'זיינען פאַראַן אַזעלכע — זאָג איך: אַבוואָל איך בין זיכער, אַז די פירערשאַפט פון אינדעפּענדענט ארבייטער רינג וועט ניט צולאָזן צו קיין פאַראייניגונג מיט'ן ארבייטער רינג, — רוף איך און זאָג צו אייך אין דעם נאָמען פון 84 טויזענט אידישע אַרבעטער, אַז אייער פּלאַץ איז, מוז זיין, אין די רייען פון דעם גרויסן ארבייטער רינג. און איך האָף, און איך בין איבערצייגט, אַז די צייט איז נאָענט, ווען די מיטגלידערשאַפט פון אינדעפּענדענט ארבייטער רינג וועט פאַרלאָזן אָט די זינקענדע שיף און וועט זיך אָנשליסן אָן דעם פּרעכטיקן, אָן דעם שיינעם, אָן דעם מעכטיקן ארבייטער רינג.

ער שטעלט פאָר גענ. אב. קאַהאַן, רעדאַקטער פון „פאָרווערטס“. ער ווערט אויפגענומען מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. דער אָרקעסטער שפּילט די „אינטערנאַציאָנאַל“. ער באַגריסט די קאָנווענשן און ער זאָגט טיילווייז:

עס איז היינט דער 21־טער געבורטסטאָג פון ארבייטער רינג. עס איז אַ שמחה, אַ יום־טוב, וואו אַלע מיטגלידער און פריינד פון ארבייטער רינג קומען זיך פרייען. צו אַזאַ געבורטסטאָג אין פאַמיליען־לעבן, וואָלט אונטער אַזעלכע אומשטענדן דער בעסטער „בורטדעי“ פּרעזענט געווען זילבערנע אָדער גאָלדענע מתנות, אָבער ווען אין דער פאַמיליע איז די מאַמע מיט דער מומען אַביסל צעקריגט, און עס גייט ניט איין די שמחה, טראַכט מען ביי זיך: ווען מען וואָלט געקענט די מאַמע מיט דער מומען צוזאַמענברענגען, וואָלט דאָס געווען דער בעסטער פּרעזענט. און ווען איניגע געגנער פון ארבייטער רינג

האבן מיר געזאגט, אוידער איך בין אריינגעקומען צו דער ערעפנונג פון קאנווענשן, אז די מומע איז גרייט זיך איבערצובעטן, האב איך צו זיך געזאגט: איך קען אייך מיט א פולער הארץ אפגעבן מזל־טוב.

ער באַרירט די איצטיקע סיטואַציע פון אמעריקע און זאָגט:

אבוואל עס הערשט יעצט א פינסטערע רעאקציע איבער'ן גאנצן לאנד, וועט אבער אין א יאר אדער צוויי ארום דאס לעבן זיך אזוי אויסרעגולירן, אז די ראדיקאלן וועלן זיך לאזן פילן ווי פאר דער מלחמות, ווי פאר דער רעאקציע. די פון אונז, וועלכע זיינען פארטיפט מיט הארץ און קאפ אין דער באוועגונג, מוזן שטיין אימער אויף דער וואך. עס איז פאראן א לאנד, וואו דער סאציאליזם ווערט שוין אויסגעפרופט. פון דארט דערטראגט זיך צו אונז א ליכטיקער שטראל. איר ארבייטער רינג מיטגלידער רעפרעזענטירט די סאציאליסטישע באוועגונג אויף א גאלדענעם שטייגער, ווייל איר זייט גוט ארגאניזירט, ווייל דער גרונד־פרינציפ פון יעדער באוועגונג באשטייט אויף דעם עקאנאמישן פונדאמענט, און אייער ארבייטער רינג איז שטארק, ווייל ער האט אן עקאנאמישן פונדאמענט. אן א פונדאמענט קען מען קיין הויז ניט בויען, אבער אויף א געזונטן פונדאמענט קען מען בויען א מעכטיגע געביידע. זאל אויף אייער ריזיק שטארקען פונדאמענט געבויט ווערן א מעכטיקע סאציאליסטישע געביידע, וואס זאל זיין ריין פון שאוועניזם און בטלנות.

מ. אשפיז, פון בר. 210, ווערט ערוויילט אלס טעמפארערי סעקרעטער פון דער קאנווענשן.

עס ווערט פארגעשטעלט וולאדימיר מעדעם, דער פארטרעטער פון „בונד", וועלכער איז מיט א קורצער צייט צוריק געקומען פון פוילן. דער ארקעסטר שפילט די בונדיסטישע „שבועה" לכבוד דעם גאסט.

וולאדימיר מעדעם זאגט:

די טענער, וואס איר האט נאר וואס געהערט, דאס איז אונזער אלטע בונדיסטישע ליד, אונזער אלטע בונדיסטישע „שבועת"; און מיט די טענער פון דער דאזיקער שבועה, האב איך אייך געבראכט פון יענער זייט ים א הארציקן בונדיסטישן גרוס. דאס איז א גרוס פון איין פראלעטארישע ארגאניזאציע צו דער צווייטער. דאס איז א גרוס פון עלטערן קרוב צום יונגערן קרוב. דער ארבייטער רינג און דער ארבעטער „בונד" — צוויי ארגאניזאציעס, אין פארשידענע לענדער, מיט פארשידענע אויפגאבן. און דאך — א טיפער אינערלאכער צוזאמענבונד. ניט וויניג פון אייערע מענשן האבן זיך אויסגעהאדעוועט ביי אונז אין דער היים, זיינען געקומען אהער און געווארן ביי אייך וויכטיקע טוער, זיינען געווארן יענער וויכטיקער מאטעריאל, מיט וועמעס הילף עס איז אויפגעבויט געווארן אייער ארגאניזאציע. אייער ארגאניזאציע און אונזער ארגאניזאציע האבן אייגענטלאך פארשידענע צילן. מיר זיינען א פאליטישע פארטיי, איר זייט א ברידערליכער ארדן. אבער אז איר קוקט זיך צו צו דער אויסערלאכער טעטיגקייט, איז דא א סך געמיינשאפטלאכס. מיר זיינען מער ווי א פאליטישע פארטיי, און איר זייט מער ווי אן אינגורענס ארדן. סיי מיר, סיי איר, האבן ביידע דעם כאראקטער פון אזא מין זאך, וואס גיט דעם ארבעטער א שטיקל היים. מיר זיינען א גרויסע ארבעטער־משפחה, און איר זייט אויך א גרויסע ארבעטער־משפחה, ביי וועלכער מען פילט זיך גוט, היימיש, ביי זיך אין דער היים, מיט אייגענע. מיר פירן אן אן אויפקלערונגס־ארבעט, א דערציהונגס־ארבעט, איר טוט דאס זעלבע. אין דער לעצטער צייט איז צוגעקומען נאך א געמיינזאמע זאך — די דערציהונג פון דעם קינדערשן דור. מיר טוען דאס, איר טוט דאס. אונזער אלטע בונדיסטישע דערציהונג איז באשטאנען אין דעם, אז העכער פון אלץ איז די אייניגקייט פון דער באוועגונג. עס איז בעסער צו ראטעווען זיך צוזאמען, איידער זינקן אינדיווידועל. די אייניגקייט מוז זיין און מוז עקזיסטירן, ווייל אין דעם באשטייט דער קוואל און די שפראצונג און די אנטוויקלונג פון דער צוקונפט.

דער טשערמאן, פריינד אב עפשטיין, באשטימט די פאלגענדע דעלעגאטן אלס קרעדענשל קאמיטע:

דריישפיל, ניו־יארק; גילמאן, נוארק; פעדערמאן, שיקאגא; גארדאן, ברוקלין; לאנדסבערג, דאלאס, טעקסאס; עטינגער, פילאדעלפיע; וואליצקי, ניו־יארק.

ער שטעלט דאן פאר מאקס פיין, סעקרעטער פון די פאראייניגטע געווערקשאפטן פון ניו־יארק.

מאקס פיין זאגט:

פון טיפן הארצן ברענג איך א ווארימען גרוס צו די דעלעגאטן, וועלכע קומען פון נאענט און פון ווייט. די, וועלכע האבן איבערגעלאזט זייער טאג־טעגלאכע ארבעט, פארלאזן זייערע פאמיליען און געקומען צו דער קאנווענשן. דער ארבייטער רינג איז מיר ליב ניט נאר דערפאר, ווייל ער היילט זיינע קראנקע, קורירט זיינע קאנסאמפטיווס, באגראבט זיינע טויטע, דערציט זיינע קינדער — דער ארבייטער רינג איז מיר און אונז אלעמען ליב, ווייל דאס איז אן ארבעטער־קערפערשאפט ניט נאר מיט א גוף, נאר אויך מיט א נשמה. דער ארבייטער רינג איז שטענדיק געווען ווי א שיינענדער ליכטטורם, און אין די יארן, ווען די אידישע ארבעטער־באוועגונג, די טרייד יוניאן באוועגונג, איז געווען צעטראטן ווי שטויב, האבן מיר אימער אנגעצייגט אויף דער אייניגקייט, אויף דעם וואוקס פון ארבייטער רינג. מיר, דער ארבייטער רינג און די געווערקשאפטן, וועלן גיין צוזאמען האנט אין האנט אין דעם פרייהייטס־קאמף פון דער גאנצער מענשהייט.

ב. פייגענבוים, וועלכער איז געווען דער ערשטער סעקרעטער פון ארבייטער רינג, האט געהאלטן א הארציקע רעדע, וועלכע איז ווארים אפלאדירט געווארן. ער האט אין זיין רעדע אנגעדייטעט, אז א קייט איז שטארק, ווען אלע רינגען פון דער קייט זיינען מעכטיק פאראייניגט איינע אין די אנדערע, ווען אבער איין רינגעלע ווערט אפגעשוואכט, קען די גאנצע קייט איבערגעריסן ווערן. די שוואכסטע רינג אין דער ארבייטער רינג קייט איז געווען מאסאטשוזעטס סטייט. די רינג איז יעצט ווידער באהעפט געווארן, און די ארבייטער רינג קייט וועט פון היינט אן ווערן נאך מעכטיקער ווי פריער. ער האט דאן גערופען די דעלעגאטן און דורך זיי די גאנצע מיטגלידערשאפט פון ארבייטער רינג צו בלייבן טריי צו אונזערע אידעאלן און אויפגאבן, צו קעמפן פאר א וועלט פון פרידן.

אלעקסאנדער קאהאן, דער טשערמאן פון דער פיפלס רעליף קאמיטע, האט דערמאנט אין זיין רעדע, אז דער ארבייטער רינג איז געווען צווישן די יעניגע ארגאניזאציעס, וואס האט זיך אם מערסטן אויסגעצייכנט אויף דער אידישער גאס מיט זיין רעליף־טעטיגקייט, מיט זיין פריינדליכער קאאפעראציע צו דער פיפלס רעליף קאמיטע. ער האט אנגעצייגט, אז ניט קוקענדיק דערויף, וואס די מלחמה איז שוין לאנג אפיציעל געענדיגט, נייטיקן זיך אבער די מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים אין שטיצע, וואס מוז זיי פון אמעריקע געגעבן ווערן. הויפטזעכלאך מוזן ביים לעצטן מאמענט געשטיצט ווערן די קולטורעלע אנשטאלטן און די ארבעטער־אינסטיטוציעס. ער האט אויסגעדריקט די האפנונג, אז דער ארבייטער רינג, וועלכער איז געווען דער ערשטער אריינצוווארפן זיך מיט הארץ און נשמה, מיט זיין גאנצער איבערגעבענהייט, אין דער רעליף־ארבעט, וועט ער אבער זיין דער לעצטער צו פארלאזן דאס פעלד פון דער טעטיגקייט.

עס באגריסט די קאנווענשן גענאסע י. ב. סאלוצקי, רעדאקטער פון דער „נייער וועלט", אין נאמען פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע. צווישן אנדערעס דריקט ער אויס דעם געדאנק, אז נאך אונזערע גרויסע זיגען פעלט אונז אלץ מאכט, קראפט. ניט אויף יענער זייט ים, ניט דא אין אמעריקע האבן מיר די באוועגונג פארטיק אויפגעבויט. מיר האלטן עס ערשט אין בויען, אין פארבארייטן זיך. אין אמעריקע איז פארלויפיק די לאגע ניט אם בעסטן. מען דארף זיך ניט נארען. ניט פאליטיש, ניט עקאנאמיש האבן מיר ביז יעצט וויכטיגעס ערָאבערט. אונז פעלט די כעמישע קראפט, די נעטלאכע כחות צו גיין א שריט ווייטער ווי די יעצטיקע ערָאבערונג. אבער מיר זיינען אין א סך פאלן קאמפעטענט און ווייזן ארויס א שטארקן ווידערשטאנד. אט קעמפן די מענער־שניידער שוין די 21־טע וואך און עס איז א פראגע פון א קורצער צייט, ווען זיי וועלן קענען פארצייכענען א זיג געגן די פינסטערע עלעמענטן, וואס האבן זיך פארמאסטן זיי צו פארניכטן. אט די דאזיקע און ענליכע קאמפן גיט אונז מוט און פארשטארקט אונזער האפנונג, אז עס וועט אמאל דאך קומען די צייט, ווען אונזער ציל וועט פארווירקליכט ווערן.

פאר אונז ליגט יעצט די פראגע ווי צו קריגן מאכט און זי איז א צענטראלע פראגע פאר אלע ארגאניזאציעס פון פראלעטאריאט, ווייל מיר אלע האבן פאר אונזערע אויגן איין און דעמזעלבן ציל.

דער ארב. רינג, וואס האט טריי געארבעט פאר דעם ציל 21 יאר, וועט אויך ווייטער בלייבן טריי דעם באשלוס, אז דער טאג פון באפרייאונג זאל דערנענטערט ווערן און וועט פארזעצן צו ארבעטן מיט אלע כחות און העלפן, אז דער טאג זאל ווערן נענטער, זאל קומען וואס פריער.

טשארלס אורוין, רעדאקטאר פון „קאל", האט אין זיין פראכטפולער רעדע געזאגט:

עס פאסט טאקע פאר'ן ארבייטער רינג צו ערעפענען זיין קאנווענשן דעם ערשטן מאי, אין דעם טאג וואס איז באשטימט פאר דער באפרייאונג פון דעם ארבעטער־קלאס. דער ארבעטער רינג האט פון דעם טאג פון זיין גרינדונג באגריפן, אז אן אמת רעוואלוציאנערע באוועגונג איז די, וועלכע פירט אן איר ארבעט חיינט צו ברענגען

רעזולטאטן אויף מארגען. דער ארבייטער רינג האט דערפילט זיין אויפגאבע די גאנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ. עס איז ניט געווען קיין איין עקאנאמישער קאמף, אויף וועלכן דער ארבייטער רינג זאל זיך ניט אפרופן, ווען מען האט צו אים אפעלירט. ווען ארבעטער איבער'ן לאנד ווערן געטריבן פון איין האל צום צווייטן, און האבן ניט וואו צו מיטן, גיבן די ארבייטער רינג ברענטשעס זייערע האלס פאר מיטינגען. די ארבייטער רינג מיטגלידער זיינען ניט קיין פראזיאלאגיע. זיי זיינען ארבעטער פון טאטן, ארבעטער, וואס רעדען ניט, נאר טוען. און דערפאר איז אייער ארגאניזאציע אזוי געוואקסן. איך ברענג אייך א גרוס פון דעם שלאכטפעלד, ניט פאר דער אירלאנדישער, ניט פאר דער אמעריקאנער, ניט פאר דער אידישער ראסע, נאר פון דעם שלאכטפעלד, וואס פירט אן א קאמף צו באפרייען דעם ארבעטער.

דזשארדזש ראווער, דער הויפט־לאיער פון ארב. רינג אין מאססאטשוזעטס, האט באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון דער סטייט עקזעקוטיוו קאמיטע פון דער סאציאליסטישער פארטיי. ער האט נאך זיין באגריסונגס־רעדע אויסגעדריקט א שארפן פראטעסט געגן דעם וואס יודזשין וו. דעבס און אנדערע פאליטישע „פארברעכער" ווערען נאך געהאלטן הינטער די גראטעס פון די אמעריקאנער טורמעס, כאטש די פאליטישע ארעסטירטע אין אלע אנדערע לענדער זייען שוין לאנג באפרייט געווארן.

ס. יאנאס, סעקרעטער פון לייבאר ליג, באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון דער ארגאניזאציע, וועלכע ער רעפרעזענטירט. ער זאגט:

יארן לאנג האבן די לייבאר ליג מיטגלידער געלעבט מיט דער האפנונג צו ווערן געזעצלאכע קינדער פון דעם גרויסן ארבייטער רינג. עס זיינען אבער געווען מאמענטן, ווען די דאזיקע האפנונג האט ביי פיל מיטגלידער פון לייבאר ליג אנגעהויבן אויסגעלאשן צו ווערן. זיי האבען געדענקט, אז דער מאמענט וועט שוין קיינמאל ניט קומען. און יעצט, ווען דער ארבייטער רינג איז ענדלאך געווארן געטשארטערט אין מאססאטשוזעטס סטייט, איז די פרייד צווישן די מיטגלידער פון לייבאר ליג אן ערליכע און אומבאשרייבליכע. רײדען איז איצט איבריק, ווייל די מענשלאכע שפראך וועט קיינמאל ניט זיין פעאיק אויסצודריקן די יעצטיקע געפילן פון די מיטגלידער פון לייבאר ליג.

די ערעפנונג־זיצונג איז דאן געשלאסן געווארן אין דער געהויבענער און אמת יום־טוב'דיקער שטימונג, וועלכע האט געהערשט די גאנצע צייט וואס די ערעפנונג פון דער היסטארישער 21־טער יערליכער קאנווענשן איז געהאלטן געווארן.

## צווייטע זיצונג

פריינד עפשטיין עפנט די פארזעצונג פון דער ערשטער זיצונג, מאנטאג, צען א זייגער אין דער פרי, אין טרימאנט טעמפל, און שטעלט פאר ווייטערדיקע רעדנער צו באגריסן די קאנווענשן.

ער שטעלט פאר אלס דעם ערשטן רעדנער פריינד ראכמאלאוויטש, טשערמאן פון לייבאר ליג, וועלכער באגריסט די קאנווענשן און דריקט אוים די האפנונג, אז נעקסטן יאר וועלן די צוויי שוועסטער־ארגאניזאציעס ניט דארפן אפהאלטן באזונדערע קאנווענשנס, ווי עס איז געטאן געווארן ביז איצט, נאר זיי זאלן זיך צוזאמענקומען אינאיינעם צו פארהאנדלען געמיינשאפטלאכע ארבעט. ער זאגט:

די יעצטיקע שמחה איז פיל גרעסער און באדייטענדער פאר די מיטגלידער פון לייבאר ליג, ווייל זיי האבן מער פון אלעמען געפילט די נויטווענדיגקייט פון א פאראייניקטן ארבייטער רינג.

ער זאגט אויך, אז די מיטגלידער פון לייבאר ליג האבן געקעמפט מיט אזא איבערגעבנהייט ניט אזוי צוליב די מאטעריעלע נוצן פון ארבייטער רינג, ווי צוליב זיין גייסט און זיין נשמה, וועלכע מאכט מעגלאך פאר אים צו זיין דער אנפירער פון דער אידישער ראדיקאלער באוועגונג אין אמעריקע.

די קאנווענשן ווערט באגריסט פון ה. בלאק, אלס פארטרעטער פון דער היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי. ער גיט אן איבערבליק איבער דעם קאמף, וואס די ארגאניזאציע האט אנגעפירט געגן באשרענקונג פון אימיגראציע, און דעם וויכטיקן טייל וואס דער ארבייטער רינג האט אין דעם דאזיקן קאמף גענומען. ער גיט דאן א קורצן איבערבליק וועגן דער וויכטיקער ארבעט פון דער ה'א'י'א'ס אין דאנציג, און ווייזט אן וויפיל ליידן און שמערצן די ארגאניזאציע האט געלינדערט ביי די אומגליקלאכע אימיגראנטן, וועלכע זיינען צוליב די שוועריגקייטן צו קריגן וויזיעס אויף די פאספארטן, געצוואונגען צו וואלגערן זיך ממש אין די גאסן. ער אפעלירט, אז דער פופצען־סענטיקער טעקס, וואס איז פון דער לעצטער קאנווענשן באשטימט געווארן, צו שטיצן די דאזיקע וויכטיקע ארבעט, זאל פון דער קאנווענשן פארגעזעצט ווערן.

עס באגריסט די קאנווענשן פריינד העמלין, אין נאמען פון די פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן אין באסטאן. אים טוט לייד, וואס ער איז ניט אימשטאנד צו באגריסן די קאנווענשן אין נאמען פון שטאט, און אויך — ווי עס פירט זיך ביי אנדערע — צו געבן די שליסלען פון שטאט.

אבער כאטש מיר האבן ניט די שליסלען פון שטאט אפצוגעבן, האבען מיר אבער אונזערע נשמות און אונזערע הערצער, וועלכע זיינען אפן פאר אייך מיט ליבע און בעסטע געפילן.

ער דריקט אוים די האפנונג, אז די קאנווענשן וועט לייגן א פונדאמענט פאר איין ארבייטער רינג אין אמעריקע. ער האפט, אז נעקסטן יאר וועט מען ניט דארפן האבן קיין צוויי קאנווענשנס, ווי ביז היינטיקן יאר. עס איז איצט ניט די צייט פון טעארעטישע מיינונגס־פארשידנהייטן. עס איז די צייט פון טאט, די צייט ווען מיר מוזן אנפירן א קאמף אויף אלע פראנטן. ער ווינשט, אז מיר זאלן געפינען מיטלען פון קאמף וואס זאלן מעגלאך מאכן אונזער זין פאר א שענערער און בעסערער געזעלשאפט.

דער טשערמאן דערקלערט, אז די עקזעקוטיוו קאמיטע האט, זינט זי האט געקראגן דעם טשארטער, ארגאניזירט פיר ברענטשעס פון דעם ארבייטער רינג. ער שטעלט פאר א פארטרעטער פון דעם ערשטן ברענטש, פון די ווילנער לאנדסלייט — מ. לעווינסאן:

אין דער צייט, וואס מענשן שטאלצירן איצט מיט צעברעכן, איז עס אונזער אמביציע צו בויען. מיר ווילן שלום, אפילו מיט די פון יענעם צד, וועלכע זיינען ביז איצט געווען אונזערע געגנער. מיר האבן ביי אונז אין ארבייטער רינג אויך געהאט מיינונגס־פארשידענהייטען, געגנוג זיך ארומצורייסען, אבער די אמביציע צו בויען וואס פאראייניקט אונז, וואס מאכט אונז צו זיצן צוזאמען און ארבעטן הארמאניש פאר דעם זעלבן אידעאל.

גענאסע ל. שייפער באגריסט דאן אין נאמען פון דער „שיקאגאר ארבעטער אסאסיאיישן פאר א טעגליכער ענגלישער צייטונג":

ווען מען דארף גרינדן אן ענגלישע צייטונג, האבען אייגענטלאך די ענגלישע עלעמענטן געדארפט זיין די, וואס האבן געדארפט שאפן די נייטיקע פאנדן. לײדער זיינען די אמעריקאנער ארבעטער, וועלכע האבן לויט אלע טעארעטישע באגרינדונגען געדארפט זיין זעהר קלאסנבאוואוסט, ניט קלאסנבאוואוסט, און מיר דארפן זיך דארום ווענדן צו די אמעריקאנער ארגאניזאציעס פון אידישן לאגער, אז זיי זאלן העלפן צו פארשפרייטן די לערע פון סאציאליזם צווישן די אמעריקאנער מאסן. די רעאקציאנערע קאפיטאליסטישע קליקעס האבן זיך איצט פארמאסטן צו פארניכטן יעדע ראדיקאלע באוועגונג, אין וועלכער פארם זי זאל זיך ניט אויסדריקן. אפילו די נאן־פארטיזן ליג ווערט אומבארמהערציק באקעמפט. זיי קאנטראלירן פעסט די גאנצע קאפיטאליסטישע פרעסע, און עס איז דעריבער נייטיק, אז די וועסט זאל האבן אן ענגלישע צייטונג, וועלכע זאל ווערן א מעכטיקער מיטל פון אויפקלערונג פאר דעם ארבייטער, ער זאל פארשטיין די אורזאכן פון דער איצטיגער לאגע, און וועלכע מיטלען ער דארף אנווענדן כדי זיך צו באפרייען.

פריינד פאלאק באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון דער פעדעראציע פון די אידישע קאאפעראטיוון:

די פעדעראציע איז דער נאענטסטער קרוב פון ארבייטער רינג, וועלכער איז דארט פארטראטן זעהר שטארק. די קאאפעראטיווע פעדעראציע איז אויפגעבויט געווארן ניט צוליב געשעפט, נאר כדי צו דינען אלס מוסטער פאר אלע קאאפעראטיווע ארגאניזאציעס, צו גיין אין דעם ריכטיקן וועג. לעצטן יאר האט זי אויפגעבויט די קאאפעראטיווע בעקעריי אין די בראנקס, און מיר האפן, אז דער ארבייטער רינג וועט העלפן פארשפרייטן די אידעע פון קאאפעראציעס אין אלע שטעט, וואו ארבייטער רינג ברענטשעס געפינען זיך.

פריינד דזש. בערמאן באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון די „מאנטגאמערי סטריט נוירסערי". ער שילדערט די לאגע פון די תומים, וועלכע ווערן אויפגעהאלטן דורך דער שטיצע, וואס ווערט געגעבן פון די ארגאניזאציעס:

יעדער דאלאר, וואס מען גיט, גייט אויף צו קויפן מער מילך, מער דערנערונג פאר די יתומים'לאך.

ער בעט, אז דער ארבייטער רינג זאל ווייזן א גוטן ביישפיל אין באצוג צו דער דאזיקער נאבעלער אינסטיטוציע.

פריינד גליעבטער לעזט פאר טעלעגראמען. איינע איז א

באגריסונג-טעלעגראמע פון א ברענטש פון אינדעפענדענט ארבייטער רינג. די אנדערע זיינען געדרוקט אין דעם נומער „פריינד“.

די קרעדענשל קאמיטע גיט אפ איר באריכט:

זיי האבן זיך קאנסטיטואירט מיט פר. פעדערמאן, שיקאגא, אלס טשערמאן, און עפינגער, פילאדעלפיע, אלס סעקרעטער. פר. דרויז־שפיעל האט ניט אנגענומען און דער טשערמאן האט אויף זיין פלאץ אפאינטעט פר. דראכמאן, פון קאליפארניע.

צו דער קאנווענשן זיינען פארטראטן הונדערט און זעכציג דעלעגאטן. עס זיינען אויך דא דריי און צוואנציג פראטווירנאל דעלעגאטן און איין גאסט. עס זיינען אויך דא איניגע סאבסטיטוטס. די פראטווירנאל דעלעגאטן זיינען ווי פאלגט: דער טשערמאן פון א. ר., זעקס סטענדינג קאמיטעס, איינער פון דער נאציאנאלער באורד און דירעקטארס, איינער פון דער קאנסטיטוציע רעוויזיאנס קאמיטע, איינער פון דער תאום אפיס קאמיטע, איינער פון מעדיקאל אדוויזארי באורד, איינער פון דער סאניטאריום באורד, צוויי פון דעם סעמעטערי דעפארטמענט, זעקס פראטווירנאל דעלעגאטן פון דער לייבאר ליג קאנווענשן, צוויי פון דער עקז. פון ל. ל., משה לעווענסאן, א טעטיקער מיטגליד, וועלכער איז איינגעלאדן געווארן פון דער עקז. קאם., און איין גאסט, דאס איז דר. אנטאנאווסקי, סופערינטענדענט און מעדיקאל דירעקטאר פון סאניטאריום.

די קרעדענשל קאמיטע רעקאמענדירט, אז די פראטווירנאל דעלעגאטן זאלן אויך האבן שטימרעכט צו דער קאנווענשן. דער טשערמאן רולט, אז דאס איז ניט לעגאל, און ביי אונזער בעסטן ווילן קענען מיר זיי דערוויילע קיין שטימרעכט ניט געבן.

דער דעלעגאט שאפירא, פון מעין, האט זיך דורך א טעלעגראמע אנטזאגט צו קומען צו דער קאנווענשן, און עס איז געקומען זיין סאבסיטוט, פריינד דיי.

פון מאנטריאל האט פריינד ל. פישער ניט געקענט קומען, ווייל ער איז ניט קיין סיטיזן. אויף זיין פלאץ איז געקומען סלאבאטקא. פון ניו־יארק איז עבעריל, פון בר. 346, קראנק, און זיין פלאץ האט פארנומען ה. גאטליעב.

ל. ביילין, דער דעלעגאט פון ניו־יארק, האט געלאזט וויסן צו פריינד באסקין, אז ער וועט ניט פארן צו דער קאנווענשן, און פריינד מ. זאיעץ איז זיין סאבסטיטוט.

די פראגע וועגן ביילין רופט ארויס דיסקוסיעס, און מאנכע דעלעגאטן דערקלערן, אז פריינד ביילין האט זיך ניט אנטזאגט. נאכדעם ווי פריינד באסקין גיט א דערקלערונג וועגן גאנצן אינצידענט, דערקלערט הער טשערמאן, אז מען וועט אנפרעגן טעלעגראפיש ביי פריינד ביילין, צי ער וויל קומען צו דער קאנווענשן, און אויב ער וועט זיך אנטזאגן, וועלן מיר דאן ארויסרופן דעם סאבסטיטוט. עס ווערט אנגענומען א פארשלאג צו שיקן א טעלעגראמע צו פריינד עבעריל, וועלכער איז קראנק און האט ניט געקאנט קומען צו דער קאנווענשן.

עס ווערט געמאכט נאמיניישן פאר טשערמאן פון דער דריטער זיצונג. פר. גוסקין ווערט ערוויילט, און די צווייטע זיצונג ווערט געשלאסן.

---

## דריטע זיצונג, מאנטאג, 2 א זייגער נאכמיטאג

די דריטע זיצונג ווערט ערעפנט 2 א זייגער נאכמיטאג, מיט פריינד גוסקין פון ניו־יארק אלס טשערמאן. פריינד שאפירא, פון בר. 45, פיטסבורג, ווערט ערוויילט אלס וויים־טשערמאן. די פאלגענדע ווערן ערוויילט אלס סעקראטאריאט פאר דער קאנווענשן: מ. י. אשפיז, מ. איוועניסקי און י. ראבערטס. עס ווערן דאן נעמאכט וואלן פאר א דיסטריביושן קאמיטע פון 15 דעלעגאטן, און פאלגענדע ווערן ערוויילט:

א. דינערשטיין, בר. 99; מ. שאפירא, בר. 362; ל. בענענסאן, בר. 26; וו. הערמאן, בר. 233; ל. ראזענבלום, בר. 32; ב. קרינסקי, בר. 583; א. לאנגער, בר. 42; י. דרויזשפיעל, בר. 56; ס. נודעלמאן, בר. 275; ס. וואלאס, בר. 75; ס. מעקסי, בר. 250; א. העק, בר. 107; ב. וואולף, בר. 221; ל. בעצאהלער, בר. 580; און טייגמאן, בר. 67.

דער טשערמאן שטעלט דאן פאר גענאסע לעדלער, רעדאקטער פון „סאשיאליסט רעוויו“, וועלכער באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון דער „אינטערקאלידזשיעט סאשיאליסט סאסייעטי“. ער דערקלערט, אז צוליב פארשטענדלאכע אורזאכן האבן זיי געענדערט דעם פריערדיקן נאמען פון דער ציירטונג אויף „לייבאר איידזש“. ס'איז איבריק, זאגט ער, צו דערקלערן די נויטווענדיגקייט פון אריינברענגען דאס ליכטיקע סאציאליסטישע ווארט צווישן די סטודענטן און אינטעליגענטן אין אלגעמיין. ער מאכט א ווארימען אפיל צו דעם ארבייטער רינג, וועלכער האט זיי אלעמאל געשטיצט פינאנציעל, און בעט ניט צו פארגעסן אן זיי דעם יאר.

עס ווערט דאן פארגעשטעלט גענאסע אלדושערנאן ליע, דער דירעקטאר פון ניו־יארק רענד סקול. ער דערקלערט אין קורצן די שוועריגקייטן, וועלכע די רענד סקול האט נעהאט איבער צו לעבן פאר די לעצטע פאר יאר. ספעציעל צייגט ער אן, אז די אלע רעאקציאנערע בילס, וועלכע זיינען אנגענומען געווארן אין דער ניו־יארקער אסעמבלי, זיינען מערסטנטייל געצילט געווען געגן דער רענד סקול, וועלכע איז די איינציקע שולע, וואס איז פאר די רעאקציאנערע עלעמענטן ווי א ביין אין האלז. ער אפעלירט צו אלע דעלעגאטן צו שטיצן אלע אונטערנעמונגען פון דער רענד סקול.

דער טשערמאן שטעלט פאר דר. דזש. האלפערן, טשערמאן פון מעדיקאל אדווייזארי באורד, וועלכער קריגט א גרויסע אוואציע, ווען ער טרעט ארויף אויף דער פלאטפארם. דר. האלפערן, גערירט ביז טרערן, דערקלערט, אז אייגענטלאך וואלט דער ארבייטער רינג קאנווענשן געדארפט האבן א ספעציעלן סאניטאריום־טאג, ווען עס זאל ספעציעל דערציילט ווערן פאר די דעלעגאטן מיט אלע אייזנצעלהייטן וועגן דעם שיינעם און ניצליכן בנין, וואס האט ניט קיין פארגלייכן צו זיך. ער זאגט:

איך קום אין בארירונג מיט פארשידענע דאקטוירים אזוי גוט ווי מיט פאציענטן, און קיינער האט ניט גענוג ווערטער אויסצודריקן די באוואונדערונג פאר אונזער סאניטאריום. אונזער סאניטאריום איז געבויט לויט דעם העכסטן שטאפל פון דער וויסנשאפט. די נייע איינריכטונגען, וואס מען האט לעצטנס געמאכט אין סאניטאריום זיינען די מאדערנסטע אין לאנד. א דאנק דעם סאניטאריום מיט אלע אירע נייע איינריכטונגען, ווערן ארום 80 ביז 90 פראצענט פון די פאציענטן געהאלפן.

ער רעקאמענדירט, אז מען זאל פלאנצן ביימער, וואס וואלט מיט דער צייט דעם סאניטאריום פארוואנדלט אין א שיינעם גרויסן וואלד.

א פארשלאג ווערט איינשטימיק אנגענומען צו באדאנקען דר. האלפערן פאר זיין אפערוויליקער און איבערגעגעבענער ארבעט פאר דעם סאניטאריום, און אלע דעלעגאטן שטעלן זיך אויף אויסדריקנדיק זייער הערצלאכן דאנק.

פ. געליעבטער באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון ארבייטער רינג מעדיצינישן הילפס־קאמיטעט פאר רוסלאנד. ער דערקלערט, אז דער ארבייטער רינג איז אלע מאל געווען דער ערשטער צו שטיצן אלע אונטערנעמונגען, וואס זיינען פארבונדן מיט רעליף־ארבעט. ער דענקט אבער, אז קיינמאל איז אונז נאך נישט פארגעשטאנען אזא וויכטיקע און נייטיקע הילפס־ארבעט, ווי די קאמיטע, וועלכע ער פארטרעט, און וועלכע האט זיך אונטערגענומען צו שאפן די נייטיקע סומע צו בויען א האספיטאל פאר סאוויעט רוסלאנד. ס'איז אמת, אז פאר אזא לאנד ווי רוסלאנד, מיט א הונדערט און פערציג מיליאן מענשן, איז דאס א גאנץ קליינע הילף, אבער עס וועט זיין דער אויסדרוק פון ברידערליכקייט און אויך פראטעסט געגן דער בלאקאדע, וועלכע הערשט געגן סאוויעט רוסלאנד. ער אפעלירט פאר פינאנציעלער שטיצע און האפט, אז די דעלעגאטן וועלן באגרייפן די וויכטיגקייט פון אט דער דאזיקער נאבעלער ארבעט, און געבן די נייטיקע שטיצע.

פריינד ל. ראטהמאן גיט אפ א באריכט פון דער קאנסטיטושן רעוויזיאנס קאמיטע.

די קאנסטיטוציע פון אדבייטער רינג, אלס פארפאסונג פון אזא לעבעדיקער ארגאניזאציע, ווערט אייגענטלאך אויסגעבעסערט יעדן יאר, און עס איז דעריבער נייטיק, אז א קאנסטיטושן רעוויזיאנס קאמיטע זאל אלע פינף יאר צוזאמנקלייבן אלע נייע אמענדמענטס און זיי אינקארפארירן אין דער קאנסטיטוציע. אונזער קאמיטע, וועלכע איז אויסגעקליבן געווארן ביי דער לעצטער קאנווענשן, האט זיך איני־סטאלירט לעצטן סעפטעמבער, נאכדעם ווי פריינד עפשטיין, א מיטגליד פון דער דאזיקער קאמיטע, האט זיך צוריקגעקערט פון איירארפע.

אייגענטלאך איז אונזער ארבעט באשטאנען בלויז אין דעם, צו ברענגען די קאנסטיטוציע אין איינקלאנג מיט די נייע געזעצן און אמענדמענטס, וועלכע זיינען אנגענומען געווארן ביי די פריערדיקע קאנווענשנס. עס זיינען אבער אויך אנגענומען געווארן פיל אויסבעסערונגען צו דער קאנסטיטוציע, וועלכע האבן געמוזט געמאכט ווערן אוים ריין לעגאלע אורזאכן. מיט דער בארעטונג פון די ליגל אדווייזערס פון ארבייטער רינג, איז אין דער קאנסטיטוציע אויך אריינגעשטעלט געווארן א נייער פונקט וועגן סאניטאריום, וואס גיט דעם סאניטאריום בענעפיט א געזעצלאכן כאראקטער, וואס עס איז ביז

יעצט ניט געווען דער פאַל. דער פּונקט פון סאַניטאַריום איז איבערהויפּט ניט געווען גענוג קלאָר, און אין דער יעצטיקער אויסגעבעסערטער קאָנסטיטוציע איז עס דייטלאַכער.

די קאָנסטיטושן רעוויזיאָנס קאָמיטע האָט ניט געפונען פאַר נויטיק אַריינצושטעלן דעם פּונקט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער קאָנווענשן פון 1919 אין דעטראָיט, וואָס פאַרווערט אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע צו זיין אין דער פאַרוואַלטונג מער ווי דריי יאָר נאָכאַנאַנד. פריינד ראָטהמאַן דענקט, אַז דער דאָזיקער פּונקט איז דעמאָלט אַרויסגערופן געוואָרן מער פון פערזענלאַכע גרונדן, ווי פון פּרינציפּיעלע. ער האָט אָבער ניט דאַגעגן, אַז די אָננעמונג פון דעם פּונקט זאָל פון דער קאָנווענשן ווידער רעקאָמענדירט ווערן.

פריינד ראָטהמאַן ענדיקט זיין רעפּאָרט דערקלערנדיק, אַז די קאָנסטיטושן רעוויזיאָנס קאָמיטע האָט אין אַלגעמיין ערלאַך דערפילט אירע פליכטן, וועלכע זיינען אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרן פון דער לעצטער קאָנווענשן.

עס ווערן געמאַכט אינטערפּעלאַציאָנען צום באַריכט:

פריינד פעלדמאַן, נ. י.: אויב געוויסע ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע האָבן, ווי דער באַריכטאָפּגעבער דערקלערט, געמוזט געמאַכט ווערן צוליב לעגאַלע גרונדן און זיי מוזן פאַרבלייבן, ווי וועט זיין, ווען זיי וועלן דורכפאַלן אויפ'ן רעפערענדום?

פריינד דייווידאָוו, נ. י., פּראָטעסטירט נעגן אויסדרוק, וועלכער איז באַנוצט געוואָרן פון באַריכט־אָפּגעבער, אַז אַ געוויסער פּונקט טראָגט אַ פּערזענלאַכן כאַראַקטער. ער פרעגט אויך, צו וואָס איז איבערהויפּט נייטיק צו שיקן די קאָנסטיטוציע צו אַ רעפערענדום, אויב דער רעפערענדום קען ניט צוריקווייזן קיין פּונקטען, ווייל זיי זיינען נייטיק צוליב לעגאַלע גרונדען?

פריינד פינקעלשטיין, נ. י., בעט מען זאָל דייטלאַכער דערקלערן דעם פּונקט וועגן צאָלונגען פאַר פינף־און־פערציג יאָריגע מיטגלידער. אויב די רייטס קענען ניט זיין העכער ווי פאַר 45 יאָר, איז דאָך דאָס איינגעטלאַך אין ווידערשפּרוך מיט די טאַבעלן, וועלכע זיינען אויסגעמאַכט געוורן פאַר 50־יאָריגע און העכער.

פריינד נאָלדין, נ. י., בעט מען זאָל דייטלאַכער דערקלערן די פּונקטן וועגן דעם צייט־פאַרלוסט פון די קאָנווענשן דעלעגאַטן, און אויך דעם פּונקט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אויסגעקליבן ווערן פון קאָנווענשן.

פיל דעלעגאַטן פרעגן, וואָרום די פּרינציפּן־דערקלערונג איז דורכגעלאָזן געוואָרן; ווי וועט מען איינעם קענען שטרייכן פאַר האַנדלען געגן גייסט פון אַרבייטער רינג, ווען קיין פּרינציפּן־דערקלערונג איז ניטאָ?

פר. פיינערמאַן, נ. י., פרעגט, וואָרום האָט די קאָנסטיטושן קאָמיטע ניט קלאָר געמאַכט דעם אַרטיקל 11, פּאַראַגראַפס 4 און 21, וועגן דער באַרעכטיגונג פון אַ מיטגליד צו קריגן קאָנסאָמפּשן בענעפיט נאָכדעם ווי ער איז אַ יאָר אין אַרבייטער רינג? פריינד פיינערמאַן דענקט, אַז עס קענען אַנטשטיין מיספאַרשטענדנישן אין דעם פּונקט. ווי איז, אַז איינער ווערט קראַנק ווען ער איז בלויז צען מאָנאַטן אַ מיטגליד. צי וועט ער זיין באַרעכטיגט צו קריגן קאָנסאָמפּשן בענעפיט נאָכדעם ווי ער איז שוין אַ מיטגליד אַ יאָר צייט?

פריינד אַשעראַוויטש, נ. י., פרעגט, וואו איז די גערעכטיגקייט, אַז עס זאָל ביי אַ פּאַציענט, וואָס פאַרלאָזט דעם סאַניטאַריום מיט זיין אייגענעם ווילן, אויך אַוועקגענומען ווערן זיין קאָנסאָמפּשן בענעפיט?

פריינד ראָטהמאַן ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס:

ער דענקט, אַז נעזעצלאַכע ענדערונגען וועלן אויפ'ן רעפערענדום ניט גיין. איבערהויפּט איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר די לעגאַלע נעזעצן, ווייל זיי האָבן בלויז צו טאָן מיט געוויסע טעכניק, אָבער ניט מיט די אַרבייטער רינג פּרינציפּן. ער דענקט, אַז די פּונקטן וועגן קאָנסאָמפּשן בענעפיט, קאָנווענשנס א. א. וו. זיינען דייטלאַך גענוג. עס ליגט אין די הענט פון די דעלעגאַטן אויסצובעסערן געוויסע פּונקטן, אום צליץ צו מאַכן דייטלאַך. דער פּונקט, אַז אַ מיטגליד, וואָס פאַרלאָזט דעם סאַניטאַריום אָן דער צושטימונג פון דאָקטער, זאָל פאַרלירן זיין קאָנסאָמפּשן בענעפיט איז, אמת, אַ שטרענגע שטראָף; אָבער דאָס וועט מאַכן, אַז פּאַציענטן זאָלן זיך פירן לויט די דיסציפּלינירטע כללים פון אַזאַ אינסטיטוציע. ער איז מיט דער מיינונג, אַז דאָס אויסלאָזן פון פּרינציפּן־דערקלערונג האָט ניט צו טאָן מיט דעם גייסט פון אַרבייטער רינג. דער גייסט בלייבט אַלעמאָל דערזעלבער, פאַר די פולסטע עמאַנציפּאַציע פון אַרבעטער־קלאַס.

פר. דייווידאָוו מאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז וויבאַלד פילע פּונקטן פון דער קאָנסטיטוציע מוזן ברייט אַרומגערעדט ווערן, זאָל מען ווידמען אַ ספּעציעלע עקזעקוטיוו זיצונג פאַר דער קאָנסטיטושן. דער פאָרשלאַג גייט דורך אין דעם זין, אַז די פראַגן פון קאָנסטיטוציע זאָלן פאָרקומען אויפ'ן געפּלאַנטן עקזעקוטיוו כעשן, נאָר ווען נייטיג זאָל מען ווידמען דערפאַר אַ ספּעציעלע זיצונג.

עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די קאָנסטיטושן רעוויזיאָנס קאָמיטע זאָל באַדאַנקט ווערן פאַר איר אַרבייט. דער פאָרשלאַג גייט דורך.

פריינד איזגור, פון לאָס אַנדזשעלעס, באַגריסט די קאָנווענשן אין נאָמען פון לאָס אַנדזשעלעסער סאַניטאַריום. ער פּרעזענטירט דעם אַרבייטער רינג מיט אַ קינסטלאַכע אַרבעט פון אַ פּאַציענט, פר. דזש. ווייס, פון בר. 116, ניו־ראָשעל.

פריינד רינערשטיין גיט דאַן איבער אַ באַריכט פון דער דיסטריביושן קאָמיטע, וועלכע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט פריינד רינערשטיין אַלס טשערמאַן און פר. בעצאַלער אַלס סעקרעטאַר. פאָרלויפיק האָבן זיי בלויז אויסגעקליבן אַ רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, באַשטייענד פון די פריינדע:

י. וויינבערג, ס. וואָלאָס, א. עפּשטיין, דייווידאָוו, פּאַרניק, נ. י.; אייבראַמסאָן, פּעטערסאָן; שאַפּירא, פּיטסבורג; וואָלף, ברוקלין; ברייטערמאַן, פילאַדעלפיע; לעווינסאָן, דעטראָיט; גלאָבערמאַן, שיקאַגאָ.

ער באַריכטעט אויך, אַז די דיסטריביושן קאָמיטע האָט געפונען פאַר נייטיק צוצוגעבן צו די געוויינלאַכע קאָמיטעס, וואָס ווערן אַלעמאָל אויסגעקליבן, די פאָלגענדע נייע קאָמיטעס: קאָנסטיטושן, הויז קאָמיטע, קאָנווענשן, און אַ פאַראייניגונגס־קאָמיטע, וועלכע וועט דאַרפן פאַרהאַנדלען וועגן דער פאַראייניגונג פון לייבאָר ליג מיט'ן אַרבייטער רינג.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסן.

פריינד פאָלין, פילאַדעלפיע, ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן, און פריינד דייווידאָוו — וויים־טשערמאַן, פאַר דער פערטער זיצונג. דערמיט ווערט די דריטע זיצונג געשלאָסן.

---

## פערטע זיצונג, דינסטאָג, 10 אַ זייגער פרי

די פערטע זיצונג ווערט ערעפנט 10 אַ זייגער פרי, מיט ס. פאָלין פון פילאַדעלפיע אַלס טשערמאַן, און מ. דייווידאָוו, פון בר. 2, ניו יאָרק, אַלס וויים־טשערמאַן. דער סעקרעטאַר לעזט פאַר די פּראָטאָקאָלן פון די צווייטע און דריטע זיצונגען און זיי ווערן איינשטימיק גוטגעהייסן.

די פאָלגענדע טעלעגראַמען ווערן פאָרגעלעזן:

סטייט סעקרעטאַר פון קאַליפאָרניע אַרבייטער רינג; לאָס אַנדזשעלעס שטאָט און דיסטריקט קאָמיטע; בר. אַ. ר. העמילטאָן, קענעדע, בר. 107 א. ר. אַטלאַנטא, דזשאָרדזשיא; בר. 28 אַ. ר., ניו־יאָרק; בר. 21 אינדעפּענדענט אַ. ר., באָסטאָן; בר. 408 אַ. ר., ראָקאַוועי ביטש, נ. י.; אָפיס סטעף פון אַרבייטער רינג, ניו־יאָרק; מיס אַש, סעקרעטאַרין פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט אַ. ר.

לייבאָר ליג, בר. 10 באָסטאָן; סעמעטערי דעפּאַרטמענט פון אַ. ר.; בר. 20 אַ. ר. ברוקלין, נ. י.; בר. 612 אַ. ר., פּוטנעם, קאָנג.; בר. 534 אַ. ר., פילאַדעלפיע; בר. 512 א. ר., לאָס אַנדזשעלעס; בר. 645 א. ר., ניו־יאָרק; בר. 466 אַ. ר., ווערט נואַרק, נ. דזש.; נאָרט וועסט דיסטריקט קאָמיטע אַ. ר., מינעאַפּאָלים, מינג.

נייטן האַלפּערן, סינגסטאָן, נ. י.; י. ב. פּרישוואַסער, ניו־יאָרק; דר. ס. מ. נייישטאַדט, סטייט סעקרעטאַר פון ס. פּ. אין מערילענד; ד. שיער, סעק. נאָרד וועסט דיסטריקט קאָמיטע אַ. ר. און מיטגליד פון נעשאָנאַל באָרד אָף דירעקטאָרס פון מינעסאָטא; מ. בעקאַל, שיקאַגאָ; בר. 120 און 581 אַ. ר. ריטשמאָנד, וואַ.; ס. עלקינס, מט. קלעמענס, מישיגען; בר. 572 אַ. ר., טאָראָנטאָ, קענעדע.

בראָנזווילער אַ. ר. שולע; אינטערנעשאָנאַל פאָר אַרבעטער יוניאָן, לאָקאַל 1; אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָף אַמעריקאַ; אָטאָ בראַנסטעטער, סעק. פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; אַרבייטער רינג בר., מילוואָקי, ווים.; בר. 52 אַ. ר., ניו־יאָרק; אַרבייטער רינג ברענטש, העמאָנד, אינדיאַנא; פּאַציענטן פון אַ. ר. סאַנאַטאָריום אין ליבערטי, נ. י.; צענטראַלער פאַרבאַנד פון

הילפס־פֿארבאנד פון „בונד“, אונטערגעשריבן פון ב. וולאדעק; מעדיקאל דעפארטמענט א. ר.

עס ווערט פארגעלעזן א טעלעגראם פון מיס אש. זי בעט מען זאל איר לאזן וויסן ווען עס וועט זיין די פאסענדע צייט צו האלטן די פיונעראל סעשן. אופ'ן פארשלאג פון פריינד עפשטיין ווערט די פראגע איבערגעגעבן צו דער רולס און רעגולײשנס קאמיטע.

דער סעקרעטאר לעזט אויך פאר א טעלעגראמע פון אפיס וועגן פריינד ל. ביילין, ניו־יארקער דעלעגאט, אז עס איז אוממעגלאך פאר אים צו קומען צו דער קאנווענשן. עס ווערט באשלאסן ארויסצורופן דעם נעקסטן סאבסטיטוט.

דער טשערמאן שטעלט פאר גענאסע ב. לעווין, וועלכער באגריסט די קאנווענשן אין דעם נאמען פון די אידישע סאציאליסטישע ברענטשעס אין ניו־ענגלאנד, און אויך אין נאמען פון דער לייבאר לייסעאום אסאסיאיישן פון באסטן. ער זאגט, אז די אידישע סאציאליסטישע ברענטשעס פון באסטן פרייט באזונדערס, אז דער ארבייטער רינג איז געווארן געזעצלאך אין מאסאטשוזעטס, ווייל די סאציאליסטישע ברענטשעס ארבעטן אלע מאל האנט אין האנט מיט די ארבייטער רינג ברענטשעס פאר דעם גרויסן ציל, צו וועלכן מיר אלע שטרעבן.

די לייבאר לייסעאום אסאסיאיישן האט זיך יעצט אריינגעווארפן אין דער ארבעט צו בויען א פאסיקע הויז פאר דער ארבעטער־באוועגונג דא אין באסטן. ער דענקט, אז דאס וועט אויך זיין א גרויסע הילף פאר דער וויטערער ארגאניזאציאנס־ארבעט אין מאסאטשוזעטס סטייט, און אין באסטן בכלל. ער אפעלירט פאר פינאנציעלע שטיצע, וועלכע, ער האפט, וועט ניט אנטזאגט ווערן.

גענאסע ה. ל. ראצעל, פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד טעקסטייל ווארקערס פון אמעריקע, באגריסט די קאנווענשן. ער צייגט אן אין קורצן די שוועריגקייטן, וועלכע זיין ארגאניזאציע האט אויסצושטיין דערפאר, וואס זיי זיינען א פראגרעסיווע ארגאניזאציע. זיי האבן דורכגעפירט גרויסע סטרייקס, און אין אלע זייערע קאמפן האט דער ארבייטער רינג זיך ווארים אפגערופן צו העלפן זיי דערגרייכן זייער ציל. ער באדאנקט ווארים דעם ארבייטער רינג פאר דאס, וואס איז געטאן געווארן אין דער פארגאנגענהייט, און האפט, אז אויך אין דער צוקונפט וועלן מיר זיי העלפן, ווען זיי וועלן זיך נאר אין דעם נייטיקן.

פריינד העסקעל רעפארטעט פאר דער גריוועגס קאמיטע. ער זאגט, אז ער וויל ניט צונעמען צופיל צייט וועגן אלע קייסעס, וואס זיינען פארגעקומען דורכ'ן יאר אין דער גריוועגס קאמיטע. עס קומען פאר קייסעס פון פארשידענעם כאראקטער. די גרעסטע צאל קלאגעס און אפילס זיינען וועגן סטרייקס, אין וועלכע ארבייטער רינג מיטגלידער זיינען פארמישט. און פיל מאל זיינען אונזערע ברענטשעס מער שטרענג אין אזעלכע פאלן ווי די טרייד יוניאנס, צו וועלכע אונזערע מיטגלידער באלאנגען. סטרייקס קומען יעצט פאר א סך: שאפ סטרייקס, רענט סטרייקס, און אויך סטרייקס געגן דעם יקרות, און אלץ קומט דערנאך פאר פאר דער גריוועגס קאמיטע. א סך ברענטשעס, דערקלערט פריינד העסקעל, פארנאכלעסיגן זייערע פליכטן אין באצוג צו קראנקן בענעפיט, סערטיפיקייטס ווערן ניט אויסגעפילט און אונטערגעשריבן לויט די פאדערונגען פון דער קאנסטיטוציע, און דארום וויזט די בענעפיט קאמיטע צוריק זייערע בענעפיטס, און זיי מוזן דאן אפעלירן צו דער גריוועגס קאמיטע. עס וואלט פארנומען צופיל צייט איבערצוגעבן די איינצעלנע קייסעס, וועלכע זיינען פארגעקומען פאר דער גריוועגס קאמיטע פאר'ן לעצטן יאר. מיר פארזיכערן אייך אבער, אז מיר האבן טריי און ערלאך דערפילט אונזער פליכט און יעדע קייס אונטערזוכט איידער מיר האבן ארויסגעגעבן אן אנטשיידונג. ער באדאנקט די קאנווענשן פאר דער ערע, וואס מען האט אים געגעבן צו זיין טשערמאן פון דער גריוועגס קאמיטע, וועלכע האט זיכער געטאן גוטע ארבעט.

עס ווערן אויפגענומען אינטערפעלאציעס:

פר. בערענפעלד, בר. 47, וויל וויסן, וואס איז געווארן מיט דער קייס פון זייערן א מיטגליד, וועמעס סערטיפיקייטס עס זיינען געהאלטן געווארן אין אפיס, און אונטער דער צייט איז דער באטרעפענדער געשטארבן.

פר. פיינין, שיקאגא, פרעגט, ווארום האט א געוויסער מיטגליד זייערער ניט דערהאלטן דעם רעזולטאט פון א באשלוס וועגן זיין אפיל צו דער גריוועגס קאמיטע?

בריק, ניו־יארק, פרעגט, ווארום מען האט ניט פארעפנטלאכט א קייס אין „פריינד“ וועגן זייערן א מיטגליד, וועלכער איז באשטראפט געווארן פאר זיין א סטרייק־ברעכער?

פעלדמאן, ניו־יארק, פרעגט: מיר האבן געלעזן אין „פריינד“, אז די גריוועגס קאמיטע האט ארונטערגענומען פון באלאט א געוויסן מיטגליד, וועלכער איז געלאפן אין דער פארוואלטונגס קאמיטע. ער וויל וויסן, צי דאס איז געטאן געווארן שטיצענדיק זיך אויף א באשלוס פון אן אנדער ארגאניזאציע, אדער די גריוועגס קאמיטע האט די קייס אונטערזוכט און אליין געקומען צו דעם דאזיקן באשלוס?

פר. העסקעל ענטפערט אויף די אינטערפעלאציעס:

1) די פראגע פון די דריי וואכן קראנקן בענעפיט, וועלכע איז פארהאלטן געווארן אין אפיס און אונטער דער צייט איז דער מיטגליד דערוויילע געשטארבן, ענטפערט פר. העסקעל, אז ווען די סערטיפיקייטס זיינען אריינגעקומען אין אפיס, זיינען זיי געווען אונטערגעשריבן פון דעם קראנקנס א שוועסטער, און דער אפיס האט דארום ניט געקענט אויסצאלן די בענעפיט. אונטער דער צייט האט דער ברענטש געשטראכן דעם אויבנדערמאנטן מיטגליד. דער פאקט איז, אז אויך קיין טויטן־בענעפיט איז צו דעם מיטגליד ניט אויסגעצאלט געווארן.

2) וועגן דער צווייטער פראגע ענטפערט פריינד העסקעל, אז זיי האבן זיכער אזא בריף ארויסגעשיקט צו דעם באטרעפנדן מיטגליד. דער פאקט איז, אז דער ברענטש האט אונזער אנטשיידונג יא באקומען, און אויב דער בריף איז צו דעם פריינד ניט אנגעקומען, איז דאס ניט אונזער שולד.

3) פריינד העסקעל דערקלערט, אז ער איז אן אוממעגלאכע זאך, אז אלע קייסעס, וועלכע זיינען פארהאנדלט געווארן לעצטן יאר, זאלן דערמאנט ווערן אין זייער רעפארט צו דער קאנווענשן, ווי פר. בריק וואלט געוואלט. איבעריגנס, איז די דאזיקע קייס נאך ניט קיין געסעטלטע, ווייל דער ברענטש האט אפעלירט צו דער בארד אף דירעקטארס.

4) וועגן דער פראגע פון פר. פעלדמאן, דערקלערט ער, אז די קלאגע איז אריינגעקומען פון אן אנדערקענטער ארגאניזאציע, און דאס איז דער ניו־יארקער ברענטש פון „בונד“, וועלכע האט אים געפונען שולדיק אין פארנעמען געלדער ביי זייערער א געוויסער אונטערנעמונג. מיר האבן דאן ארויסגערופן פארטרעטער פון דער דאזיקער ארגאניזאציע און זייערע פראטאקאלן, און אויף דעם סמך האבן מיר די קייס באהאנדלט און ארויסגעגעבן אונזער באשלוס.

פריינד ביערענקאמפף, פארטרעטער פון דער „ווארקערס דעפענס יוניאן“, אדרעסירט די קאנווענשן, אנצייגענדיק די ניט־רעכטע האנדלונגען, וועלכע ווערן לעצטנס באגאנגען פון די קאפיטאליסטישע קאורטס געגן ארבעטער בכלל און ארבעטער־פארטרעטער בפרט. די שווערע ארבעט, וועלכע שטייט פאר פאר דער ראדיקאלער באוועגונג אין באצוג די פאליטישע פריזאנערס און דעם שווערן קאמף, וועלכער ווערט ביז יעצט אנגעפירט, וועט דארפן פארגעזעצט ווערן, ביז מיר וועלן קענען אט די מארטירער ארויסנעמען פון די פינסטערע פריזאנס. פאר אט דער ארבעט פאדערט זיך א סך געלט און ארבעט. ער אפעלירט צו דער קאנווענשן פאר שטיצע.

די קרעדענשל קאמיטע, וועלכע איז אויך אין דערזעלבער צייט די קאמיטע פאר די רולס און רעגולײשנס, באריכטעט, אז זיי האבן דערהאלטן קרעדענשלס פון דער טרייד יוניאן ליג פון באסטן, פון דער דזשאינט בארד קלאוקמייקערס יוניאן פון באסטן, און פון דער קאנווענשן פון די ארבייטער רינג שולן, וועלכע האבן געשיקט דעלעגאטן צו באגריסן אונזער קאנווענשן. זיי רעקאמענדירן, אז די דאזיקע דעלעגאטן זאלן ווערן צוגעלאזן.

די קאמיטע רעקאמענדירט די פאלגענדע רולס:

1) די זיצונגען זאלן זיך אנפאנגען 9.30 פרי און דויערן ביז 1 מיטאג, און פון 2.30 נאכמיטאג, ביז 6.30 אוונט.

2) ווען א קאמיטע ברענגט אריין אן איינשטימיקן באריכט, דאן, אויב די קאנווענשן וויל די פראגע דיסקוטירן, זאל געגעבן ווערן צו צוויי רעדנער דאפיר און דאגעגן, וועלכע זאלן רעדן יעדערער ניט מער ווי צען מינוט. די קאמיטע זאל דאן קריגן פינף מינוט אויף צו פארטיידיקן איר שטאנדפונקט. ווען אין א פראגע איז דא א מאיאריטעט און א מינאריטעט רעפארט, דאן זאלן נאך דער דעבאטע ביידע שטאנדפונקטן פארטיידיקט ווערן צו פינף מינוט.

דער באַריכט רופט אַרויס אַ גרויסע דיסקוסיע פון די דעלעגאַטן.

פר. דאַווידאָוו זאָגט, אַז דאָרט, וואו אין דער קאָמיטע איז דאָ אַ מיינונגס־פאַרשידענהייט, זאָל די צאָל רעדנער און די צייט פון רעדן ניט באַשרענקט ווערן.

פר. וויינבערג איז געגן דעם, וואָס מען נעמט אָן רולס פאַר דעבאַטן, וועלכע קענען ניט אָפּגעהיט ווערן שפּעטער. עס פּאַסירט, אַז דיסקוסיעס זיינען היציקע און מערערע מענשן מוזן זיך באַטייליגן.

גאָלדין, נ. י., פאַרלאַנגט, אַז די רולס פון די זיצונגען זאָלן געענדערט ווערן, כדי אומזיסטע צייט זאָל ניט פאַרלוירן ווערן.

די רולס פון די צייט פון מיטינגען איז ניט פּראַקטיש, ווייל עס איז אוממעגלאַך די דאָזיקע רולס נאָכצוקומען.

פר. פעלדמאַן: עס פירט זיך ביי אַלע קאָנווענשנס, אַז מען דאַרף די דיסקוסיעס באַשרענקן, ווייל אויב די קאָנווענשן זאָל אַליין אַלץ דיסקוטירן, דאַרף מען קיין קאָמיטעס ניט. יעדער איינער, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין אַ פראַגע, קען דערשיינען בעפאָר דער קאָמיטע און דאָרטן אַריינברענגען זיין מיינונג, און ביי דער קאָנווענשן איז ניט נייטיק קיין לאַנגע דעבאַטן.

פר. עפּשטיין שלאָגט פאָר, אַז די ספּעציעלע עקזעקוטיוו זיצונג זאָל געהאַלטן ווערן מאָרגן, מיטוואָך, אין דער פרי, אנשטאָט דעם, וואָס די קאָמיטע באַריכטעט, אַז די ערוויילטע קאָמיטעס זאָלן מיטן מאָרגן פרי. די קאָמיטעס קענען מיטוואָך ניט מיטן, ווייל די מערסטע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעס האָבן נאָך ניט אָפּגעגעבן זייער באַריכט.

דייווידאָוו און וויינבערג מאַכן אַן אַמענדמענט, אַז ביי יעדער פראַגע זאָל די פאָרם פון די דעבאַטן באַזונדער באַשטימט ווערן פון די דעלעגאַטן. דער אַמענדמענט ווערט אָנגענומען.

עס ווערט אויך אָנגענומען דער אַמענדמענט, אַז די זיצונגען זאָלן אָפּגעהאַלטן ווערן פון 10 ביז 1 אין דער פרי, און נאָכמיטאָג — פון 2.30 ביז 6.

די קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז אַלע קאָמיטעס, וואָס זיינען ערוויילט געוואָרן אַלס סטענדינג קאָמיטעס פון קאָנווענשנס, זאָלן מאָרגן פרי האָבן אַ זיצונג און אויסאַרבעטן זייערע פּלענער, כדי זיי זאָלן דאָנערשטאָג פרי קאָנען אָנפאַנגען באַריכטן צו דער קאָנווענשן.

פר. עפּשטיין זעצט אויס געגן דעם. ער זאָגט, אַז די קאָמיטע־מיטינגען זאָלן געהאַלטן ווערן נאָכדעם ווי די פאַרוואַלטונגס קאָמיטעס וועלן באַריכטן. ער מאַכט אַן אַמענדמענט צו האָבן מאָרגן פרי אַ רעגעלע זיצונג.

דער אַמענדמענט ווערט גוטגעהייסן, אַז מאָרגן פרי זאָל זיין אַ רעגעלע זיצונג.

פר. יעקב לעווין באַגריסט די קאָנווענשן אין נאָמען פון דעם אַרבייטער רינג שול־צוזאַמענפאָר אין קליוולאַנד:

דער צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָריגע וואָך אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין קליוולאַנד, האָט ערוויילט אַ קאָמיטע פון דריי, און געבעטן איבערגעבן אייך אַ גרוס און אַ באַגריסונג. מיר, דאָרטן, האָבן איינגעטלאַך געמאַן אַ טייל פון אייער אַרבעט, און איך בין געקומען אין נאָמען פון דער קאָמיטע איבערצוגעבן אייך אין אַ פּאָר ווערטער וואָס מיר האָבן דאָרטן אויפגעטאָן. עס פאַרדריסט אונז שטאַרק, וואָס די, וואָס זיינען נאָך ניט מיט'ן גאַנצן האַרצן פאַר די שולן, האָבן ניט געזען וואָס עס איז ביים צוזאַמענפאָר געטאָן געוואָרן, און ניט געהערט וואָס מען האָט דאָרט גערעדט. עס איז אמת פאַרדריסיק וואָס דער גאַנצער אַרבייטער רינג, באַזונדערס די פירער, קומען ניט אָפטער אַריין אין די שולן.

צום צוזאַמענפאָר זיינען געווען פאָרטראָטן זיבן און צוואַנציג פון פינף און פערציג שולן, מיט פערציג דעלעגאַטן, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון לערער און טוער אין די שולן.

מיר האָבן דאָרט פאַרהאַנדלט פראַגן ווי אַזוי צו דערציהען אונזערע קינדער. מען האָט גערעדט ווי אַזוי צו מאַכן, אַז אין אונזערע שולן זאָלן די קינדער אַנטוויקלט ווערן ווירדיקע פאָרזעצער פון דעם קאַמף, וואָס מיר פירן אָן. אין די פּאַבליק סקולס פּלאַנצט מען אין זיי איין אַ ליבע צו דער איצטיקער געזעלשאַפט, און די קינדער ווערן דערצויגן אַזוי, אַז זיי ווערן פאַקטיש די פאַרטיידיקער פון דער איצטיקער געזעלשאַפט. מיר דאַרפן, אַז אונזערע קינדער זאָלן ניט פאַרבלייבן אונזערע שונאים, און איבערנעמען דאָס בעסטע וואָס מיר פאַרמאָגן, אונזערע אידעאַלן און אונזערע געדאַנקן. ווען די שולן האָבן זיך געגרינדעט, איז עס געווען פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועלן זיין וועלטלאַכע און ניט קיין רעליגיעזע שולן. זיי זיינען אויך ניט קיין נאַציאָנאַליסטישע שולן. אונזער אויפגאַבע איז צו זען, אַז די קינדער זאָלן ניט ווערן קיין שאָוויניסטן, אויך ניט קיין נאַציאָנאַליסטן, פונקט ווי מיר ווילן ניט, אַז זיי זאָלן ווערן רעליגיעז. מיר ווילן, אַז די קינדער זאָלן ניט פאַרפרעמדט ווערן פון זייערע טאַטעס און קוקן אויף זיי פון אויבן אַראָפּ. מיר ווילן, אַז זיי זאָלען זיך קענען צונויפרעדען מיט זייערע טאַטעס, כדי זיי זאָלן קענען איבערנעמען די גוטע זאַכן פון זייערע עלטערן און פאָרזעצן אונזער סאָציאַליסטישע אַרבעט. דער אַרבייטער רינג דאַרף זיך באַציען מיט טאָלעראַנץ צו די, וועלכע זיינען נאַציאָנאַל, פונקט ווי ער איז טאָלעראַנט צו די, וואָס זיינען רעליגיעז.

פריינד בעצאַהלער באַריכטעט אין נאָמען פון דער דיסטריקט קאָמיטע, וועגן דער איינטיילונג פון די פאַרשידענע קאָמיטעס:

### אָרגאַניזיישן קאָמיטע, 15.

נ. גאָלדשטיין, ב. קרינסקי, מ. ווייך, ר. פלאַקס, י. סקלאַר, מ. ערעלסאָן, ניו־יאָרק; ס. עטינגער, פילאַדעלפיע; נ. פיינין, שיקאַגאָ; דזש. אייבראַמס, ברוקלין; א. בערלינסקי, באַלטימאָר; ס. רובין, האָדסן קאַונטי; ס. לעווינסאָן, העריסבורג; ס. דובראָוו, פּעטערסאָן; א. פילער, סט. לואיס; ב. קאַפּלאַן, ניו־יאָרס.

### בענעפיט קאָמיטע, 15.

ס. וויינבלאַט, ס. הייפערלינג, י. מאַגיד, ה. פעלדמאַן, א. גוטמאַן, ל. בערמאַן, ניו־יאָרק; וו. רייזבאָרד, וו. מישקין, פילאַדעלפיע; ס. ליאָן, שיקאַגאָ; נ. גאָרדאָן, ברוקלין; מ. ספּעקטאָר, מילוואָקי; ב. אַלינסקי, נוארק; דזש. מינקין, וואַשינגטאָן; נ. הילל, אָמאַהאַ; פ. פרומהאַרץ, טאָראָנטאָ.

### פרעס און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, 15.

דזש. דריישפּיעל, ל. בעצאַהלער, ס. נודעלמאַן, ס. יעלין, י. שטיינבוים, ס. בערענשטיין, ניו־יאָרק; מ. שאַפּיראָ, פילאַדעלפיע; י. אוערבאַך, שיקאַגאָ; מ. לייבאָוויטש, ברוקלין, מ. טייגמאַן, באַלטימאָר; דזש. זינגעל, פּיטסבורג; מ. ראַפּאָפּאָרט, ניו־בראָנזוויק; מ. שעפּטעל, קליוולאַנד; א. גאָלובאָוו, וויניפּעג; א. וואַסערמאַן, ריטשמאָנד.

### פאַרוואַלטונגס קאָמיטע, 15.

ז. שפּייער, א. בעק, ר. זאַלצמאַן, א. האָכמאַן, ב. וואָלאָוויטש, מ. שפּינראַד, א. בריק, א. מאַנדעל, נו־יאָרק; הערשמאַן, פילאַדעלפיע; ל. ראָזענבלום, שיקאַגאָ; ד. אַשינסקי, ברוקלין; ע. שערמאַן, באַלטימאָר; נ. שענדלאָף, דעטראָיט; ל. דאָרפמאַן, ס. איסטערן טעריטאָריע; א. לאַנדסבערג, ס. וועסטערן טעריטאָריע.

### סאַניטאַריום קאָמיטע, 15.

א. דינערשטיין, גאָטליעב, י. קלופּט, נ. ליטאוער, א. וואָליצקי, י. אַשעראָוויטש, פ. ראָזענטאַל, ניו־יאָרק; ס. כייקין, פילאַדעלפיע; דזש. פעדערמאַן, שיקאַגאָ; ס. לעווין, ברוקלין; ס. ליפּשיץ, וועסטשעסטער; א. בערענפעלד, נוארק; מ. כינאַצקי, פּעטערסאָן; נ. סעלצער, אָלבאַני; א. שולמאַן, ראָטשעסטער.

### אַמאַלגאַמיישן קאָמיטע, 11.

ר. גוסקין, ר. נעכאַמקין, מ. גאָלדינג, ניו־יאָרק; נ. פּאָלין, ה. טייטעלמאַן, פילאַדעלפיע; דזש. שור, שיקאַגאָ; וו. ראָסיין, האַרטפאָרד; דזש. קופּער, ברידזשפּאָרט; ל. זלאַטקין, באָפלאָ; א. שולמאַן, מעין; ב. גילמאַן, נוארק.

### עלעקשן קאָמיטע, 11.

פ. פרידבערג, פ. באַקסער, ל. גלאַזער, דזש. א. סילווערמאַן, ניו־יאָרס; מ. ריישעס, שיקאַגאָ; א. העס, נוארק; ס. גרינבערג, סיראַקיוז; דזש. באַומאַן, פילאַדעלפיע; ר. פּערעלבערג, ברוקלין; וו. וויינער, דעטראָיט; ד. בראָדי, האָדסן קאַונטי.

### קאָמיטע איבער רעפּאָרטס, 13.

וו. בערקאָוויטש, מ. פערלשטיין, ניו־יאָרק; י. קיציס, פילאַדעלפיע; י. שיפּקאָוויטש, שיקאַגאָ; ל. אַלטמאַן, ברוקלין; דזש. פּערעץ, האַרטפאָרד; ד. בערנשטיין, ניו־בראָנזוויק; מ. ליפּשיץ, קליוולאַנד; מ. טווערסקי, וואָטערבורי; נ. בראַכמאַן, לאָס אַנדזשעלעס; מ. אַלעקס, קענזעס סיטי; ב. ליטאָווסקי, נוארק; א. דומאַס, טאָראָנטאָ.

### הויז קאָמיטע, 13.

ל. דינערשטיין, א. לאַנגער, וו. הערמאַן, ד. האַלפּערן, ס. גראָסמאַן, ל. גערטלער, מ. מאָלאָט, ניו־יאָרק; וו. סאַלקין, פילאַדעלפיע; ה. קאָהען, שיקאַגאָ; נ. שוואַרץ, ברוקלין; א. ליטמאַן, מינעאַפּאָליס; י. איסנאָר, לאָס אַנדזשעלעס; מ. וויינשטאָק, נוארק.

קאָנסטיטושן קאָמיטע, 11.

**מ. נטרשאָנאָוו**, דזש. ראָזענבלאַט, ה. גאָלדין, י. פינקעלשטיין, מ. סינערמאַן, ניו־יאָרק; ס אַלטמאַן, פילאַדעלפיע; **ל. בענענסאָן**, שיקאַגאָ; ס. טעקסי, פיטסבורג; ב. קאַלין, ניו־הייווען; נ. סאַצמאַן, סינסינעטי.

קאָנווענשן קאָמיטע, 13

**ל. אַלטמאַן**, ב. קראַפּסא, ל. גאָלינסקי, זאַיעץ, ל. זאַיז, ניו־יאָרק; ב. ביכאָווסקי, פילאַדעלפיע; ע. שטערן, שיקאַגאָ; מ. נירמאַן, ברוקלין; מ. סטיין, האַדסן קאַונטי; דזש. שלאָסבערג, ניו־הייווען; ב. סאַלאַמאַן, פּראָווידענס; דזש. פאַנטעל, **מאָנטיסעלאָ; סלאַבאָטסקי**, מאָנטרעאַל.

עס ווערט פאָרגעלייענט אַ באַגריסונג־טעלעגראַמע פון פאַרבאַנד פון „בונד“, אונטערגעשריבן פון וולאַדעק.

**אַלס טשערמאַר פון דער נעקסטער זיצונג ווערט ערווײלט פריינד וואולף, פון ברוקלין; אַלס וויים־טשערמאַן — פריינד רייזבארד, פון פילאַדעלפיע.**

**מיט דעם שליסט זיך די פערטע זיצונג.**

---

## פינפטע זיצונג, דינסטאַג, 2 אַ זייגער נאָכמיטאָג

די פינפטע זיצונג ווערט ערעפענט דינסטאָג נאָכמיטאָג, מיט פריינד וואולף, פון ברוקלין, אַלס טשערמאַן; און רייזבארד, פון פילאַדעלפיע, אַלס וויים־טשערמאַן.

גענאָסע וו. וועלעמאַן, פון דער טרייד יוניאַן דעפּענס קאָמיטע, באַגריסט די קאָנווענשן. ער דערקלערט, אַז די אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער פאַרטרעט, איז אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך די רעפּרעסיעס פון די הערשנדע קלאַסן, הויפּטזעכלאָך צוליב די פּאַסירונגען אין דעם סטרייק פון די אַמאַלגאַמייטעד. זיי טוען אַלעס מעגלאַכעס צו העלפן די סטרייקערס, אַז זיי זאָלן קענען דורכפירן זייער סטרייק צו אַן ערפאָלגרייכן סוף. ער בעט די פינאַנציעלע שטיצע פון דעם ארבייטער רינג.

פר. אשפיז באַגריסט די קאָנווענשן אין נאָמען פון דער נעטשוראַליזיישן אייד ליג. ער זאָגט:

די נעטשוראַליזיישן אייד ליג טוט די זעלבע אַרבעט, וואָס עס טוט דער אַרבייטער רינג, נעמלאָך, צו קריגן לעגאַליטי צו אינדיווידואומס. זיי טרייען, אַז די אידישע אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך אין אַמעריקע און זיינען באַרעכטיגט צו ווערן בירגער, זאָלן זייערע בירגער־פּאַפּירן אַרויסנעמען, כדי זיי זאָלן קענען אויסנוצן זייער פּאָליטישע רעכט צו פאַרשטאַרקן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. דער אַרבייטער רינג האָט אַלעמאָל די נעטשוראַליזיישן אייד ליג געשטיצט, אָבער יעצט איז נייטיק אַ פיל גרעסערע שטיצע ווי אַלעמאָל. די אויסגאַבן פון דער קאָמיטע זיינען די לעצטע יאָרן זעהר גרויסע, בעת פילע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אימער די נעטשוראַליזיישן אייד ליג געשטיצט, זיינען ניט אימשטאַנד דאָס יעצט צו טאָן, ווייל זיי זיינען פאַרוויקלט אין אַ קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ.

מ. שאַרץ אַדרעסירט די קאָנווענשן אין נאָמען פון דעם נאַציאָנאַלן בית יתומים, און בעט שטיצע פאַר דער אינסטיטוציע.

פר. מיללער באַגריסט די קאָנווענשן אין נאָמען פון דער רזשאָינט באָרד אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס, פון באָסטאָן. ער גיט אַן איבערבליק איבער דעם סטרייק, און דערקלערט, אַז ער געפינט זיך אין אַ גלענצענדן צושטאַנד. צוויי־דריטל פון די סטרייקערס זיינען שוין ערפאָלגרייך צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, און אַלע האָפנונגען זיינען, אַז גאַנץ שנעל וועלן זיי פייערן זייער פולשטענדיקן זיג.

פר. אשפיז לעזט פאָר אַ צושריפט פון דעלעגאַט פרומהאָלץ, פון טאָראָנטאָ, אַז ער רעזיגנירט פון דער קאָמיטע, צו וועלכער די דיסטריביושן קאָמיטע האָט אים אַפּאָינטעד, און פּראָטעסטירט ווארום מען האָט אים ניט אַפּאָינטעד אין דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע. דער צושריפט ווערט געטייבלט.

פר. ישורין, דער טשערמאַן פון אַרבייטער רינג, דערקלערט, אַז עס וועט אוממעגלאָך זיין דורכצופירן דעם באַשלוס פון דער פאָריגער זיצונג, צו האָבן אַ רעגעלע זיצונג פון קאָנווענשן מאָרגן פרי, ווייל אַראַנדזשמענטס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן, אַז מאָרגן פרי זאָל געהאַלטן ווערן דער פיונעראַל סעשן, און די אומשטענדן זיינען אַזעלכע, אַז די אַראַנדזשמענטס קענען ניט געענדערט ווערן. מים אַש, די סעקרעטאַרין פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט, איז שוין אַרויסגעפאָרן צו דער קאָנווענשן, כדי צו זיין ביי דער מאָרגנדיקער פיונעראַל סעשן. ער אַנאָנסירט די אָרדנונג, אין וועלכער די פאַרוואַלטונגס קאָמיטעס וועלן אָפּגעבן זייערע באַריכטן. ער טעלדעט, אַז פרייטאָג, אום 11 אַ זייגער, וועט די קאָנווענשן אַדרעסירט ווערן פון אינשורענס קאָמישאָנער פון מאַססאַטשוזעטס, און פרייטאָג נאָכמיטאָג וועט אָפּגעהאַלטן ווערן די עקזעקוטיוו סעשן. ער פאָרלאַנגט, אַז די קאָמיטעס, וועלכע האָבן ניט קיין דירעקטן שייכות מיט די רעפּאָרטס פון די פאַרוואַלטונגס קאָמיטעס, זאָלן טרייען צו מיטן מאָרגן און אָנפאַנגען אָפּגעבן זייערע באַריכטן צו דער קאָנווענשן אַזוי שנעל ווי מעגלאָך.

פר. פעלדמאַן שלאָגט פאָר, אַז די עקזעקוטיוו סעשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן דאָנערשטאָג נאָכמיטאָג אַנשטאָט פרייטאָג, ווייל פרייטאָג וועלן מיר לאַנג ניט קענען מיטן צוליב דעם באַנקעט, און דאָנערשטאָג, האָבנדיק מער צייט, וועלן מיר קענען מיטען אַביסל לענגער און ערליידיקן יענע ספּעציעלע פראַגן פון עקזעקוטיוו סעשן.

פר. באַסקין דערקלערט, אַז די פראַגן פון עקזעקוטיוו סעשן זיינען ניט פון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס זיי צו לייזן וועט נעמען פיל צייט.

די דערקלערונג פון פר. באַסקין ווערט אָנגענומען.

פר. אייברעמס באַריכטעט דאַן וועגן דער אַרבעט פון דער אָפּיס קאָמיטע.

די אַרבעט פון דער אָפּיס קאָמיטע איז אויפגעוואַקסן אויפ'ן אָפּיס און אויך די ברענטש סעקרעטאַרן, און די אַרבעט איז געוואַקסן צוזאַמען מיט'ן וואוקס פון אַרבייטער רינג. די שווערסטע פּראָבלעם לעצטן יאָר איז פאַר אונז געווען די פראַגע פון דעם אָפּיס פון אַרבייטער רינג. אונזער גענעראַל אָפּיס געפינט זיך אין „פאָרווערטס“ בילדינג. ווען דער אַרבייטער רינג האָט אַהין אַריינגעצויגן, איז ער געווען פיל קלענער, אָבער דער כסדר'דיקער וואוקס פון אַרבייטער רינג מאַכט, אַז דער אָפּיס ווערט צו קליין צו קענען דאָרט דורכפירן די אַרבעט וואָס מיר טוען. ניט קוקענדיק אויף דעם, וואָס די מיטגלידערשאַפט האָט זיך בסדר פאַרגרעסערט, איז דאָך דער אָפּיס סטייף כמעט דער זעלבער ווי פריער, ווייל מיר האָבן ניט קיין פּלאַץ פאַר נאָך מענשן. עס איז זעהר ענג, און עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ אפילו וואו די רעקאָרדס פון אָפּיס צו האַלטן. אונטער אַזעלכע אומשטענדן קען, פאַרשטייט זיך, קיין גוטע אָרדנונג ניט זיין. דער פּרייז, וואָס מיר צאָלן איצטער אין „פאָרווערטס“ בילדינג, איז פיר טויזענט דאָלאַר אַ יאָר. דאָס איז נידעריקער ווי דער דורכשניטלאַכער ווערט־פּרייז פאַר אַזאַ אָפּיס, אָבער לאַנג וועלן מיר ניט קענען האַלטן קיין אָפּיס פאַר דעם פּרייז. די קאָנווענשן דאַרף באַטראַכטן די פראַגע און זען אָננעמען אַ באַשלוס וועגן דעם.

מאַנכע ברענטשעס זיינען אין פאַרלויף פון דעם לעצטן יאָר געבליבן שולדיק פון פופציג ביז פינף און זיבעציג פּראָצענט פון זייערע בילס צום אָפּיס. דער אָפּיס האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי די שולדן צו פאַרקלענערן. אין פיל פאַלן האָבן מיר אויסגעפונען, אַז דאָס איז די שולד פון די סעקרעטאַרן, וועלכע פאַרשטייען ניט די סטייטמענטס וואָס ווערן זיי געשיקט פון אָפּיס. מאַנכע ברענטשעס באַנוצן דאָס געלט, וואָס זיי דאַרפן שיקען אין אָפּיס, אויף אַנדערע אונטערנעמונגען, וועלכע, חגם זיי זיינען זעהר וויכטיג, איז עס אָבער דאָך ניט קיין פּאָליסי צו דערלויבן, אַז געלדער, וואָס זיינען איינגעצאָלט געוואָרן פאַר די מיטגלידער פאַר'ן גענעראַל־אָפּיס, זאָלן פאַרטאָן ווערן אויף אַנדערע צוועקן, ווי וויכטיק יענע צוועקן זאָלן ניט זיין.

**וועגן די קענעדער ברענטשעס באַריכטעט פר. אייברעמס:**

צוליב דעם אונטערשיד אין דער וואַליוטע, האָבן יענע ברענטשעס געמוזט צאָלן גרעסערע בילס, ווייל דער קענעדער דאָלאַר איז קלענער אין ווערט ווי דער אַמעריקאַנער דאָלאַר. די קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַן אַקאַונט אין אַ קענעדער באַנק און זיי זאָלן צאָלן זייערע אַסעסמענטס און קריגן זייערע בענעפיטס אין קענעדער געלט. אַזוי וועט זיך אויסגלייכן דער אונטערשיד.

דער אַרבייטער רינג האָט געטאָן גוטע ביזנעס לעצטן יאָר. מיר האָבן אינוועסטעד מער געלט ווי אין אירגענד וועלכן פריערדיקן יאָר. מיר האָבן דורך דעם יאָר געקויפט באָנדס פאַר אַרום 267,000 דאָלאַר. זיי זיינען געקויפט אונטער זייער „פאַר“ ווערט, און דער אַרבייטער רינג האָט דערביי פּראָפיטירט אַרום פינף און צוואַנציג טויזענט דאָלאַר.

זייט מיר האָבן איינגעפירט אונזערע פּראַטוירנאל רייטס, האָבן מיר געטרייעט צו ווערן לעגאַליזירט אין יעדן איינציקן שטאַט. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָבן מיר געהאַט אַ לעגאַליטי קאָמיטע, וועלכע האָט געטאָן די אַרבעט אין פאַרבינדונג מיט דעם אָפּיס. מיר האָבן אינסטרואירט דעם סעקרעטאַר אַרויסצושיקן אַפּליקאַציעס צו אַלע שטאַטן און אַפּלירן פאַר טשאַרטערס. די אַרבייט איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג. מיר זיינען געוואָרן לעגאַליזירט אין די פאָלגענדע נייע שטאַטן: קענזעס, נאָרד קאַראָליינע, נאָרד דאַקאָטע, אָרעגאָן און מאַססאַטשוזעטס. צוזאַמען זיינען מיר יעצט לעגאַליזירט אין פיר און דרייסיג שטאַטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און אין פינף פּראָווינצן פון קענעדע, ווי אויך אין דער דאָמיניאָן (פעדעראַלע רעגירונג) פון קענעדע.

דער אָפּיס סטעף איז ניט פאַרגרעסערט געוואָרן, הגם אַרבעט

איז איצט דאָ אין דער ערך מערער ווי פריער, דאָך האָבן זיי זייער אַרבעט געטאָן געטריי, און האָבן אַטענדעט ווי געהעריק.

דער אַדמיניסטראַציאָנס פאָנד האָט לעצטן יאָר געהאַט אַ דעפיציט. מיר האָבן געמוזט מאַכן אַ ספּעציעלן אַסעסמענט פון צוואַנציג סענט, וועלכער איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי קוואַרטאַלן. מיר האָבן געהעכערט די שכירות פון די אָנגעשטעלטע. מאַטעריאַלן, ווי סטיישאָנערי, א. אַז. וו., זיינען אויך געשטיגן אין פּרייז. דער אַדמיניסטראַציאָנס פאָנד שטייט איצט דורך דעם אין אַ דעפיציט פון זעקס טויזענט דאָלאַר, ווייל אונזערע צאָלונגען פאַר דעם דאָזיקן פאָנד האָבן ניט געקענט דעקן די אויסגאַבן.

דער אַדיטינג דעפּאַרטמענט, זייענדיק איינער פון די ניצלאַכסטע דעפּאַרטמענטס, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט, האָט הייַנטיקס יאָר אונטערזוכט פיל מער ביכער ווי לעצטן יאָר. אין 1919 האָט ער אונטערזוכט 176 ברענטשעס, און אין 1920 — 262. ס'זיינען געווען אַמאָל צייטן, ווען מען האָט זיך געדאַרפט בעטן ביי די סעקרעטאַרן, זיי זאָלן צושיקן די ביכער אין אָפיס — היינט וואַרטן זיי אויף נעקסט, ביז מען וועט די ביכער קענען אונטערזוכן.

דאַנקענדיק די דעלעגאַטן אין נאָמען פון דער קאָמיטע פאַר דער ערע, וואָס מען האָט זיי צעגעטיילט, ענדיקט פר. אייבערעמס זיין באַריכט.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציעס ווערן געשטעלט צום באַריכט:

פר. אייבערעמס, פון בר. 3, וויל וויסן, אויב דער צוואַנציג־סענטיקער טעקס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אחוץ די פיר סענט, אָדער עס איז צוואַנציג סענט, אַלעס צוזאַמענגערעכנט.

פר. גליקמאַן, פון מינעאַפּאָליס, וויל וויסן, וואָס פאַר אַ פּראָצענט עס מאַכט אויס די סומע שולדן, וואָס די ברענטשעס קומען צום אָפיס.

פר. גאָלדין, פון ניו־יאָרק, פרעגט די זעלבע פראַגע.

פר. איווענסקי, פון ניו יאָרק: ווי אַזוי האָט זיך דער אָפיס דערלויבט צו אַראַנזשירן, אַז די קענעדער ברענטשעס זאָלן האַלטן זייער געלט אין אַ קענעדער אָפיס און פון דאָרט צאָלן די בענעפיטס אין קענעדער געלט? אין אַרבייטער רינג זיינען אַלע בענעפיטס צענטראַליזירט און אַלץ דאַרף געצאָלט ווערן אין אַמעריקאַנער געלט.

פר. לאַנדסבערג, פון טעקסעס, און פר. יעלין, פון ניו־יאָרק, פרעגן, פאַרוואָס קען די אָפיס קאָמיטע ניט מאַכן, אַז די סטייטמענטס צו די ברענטשעס זאָלן אָנקומען אין אָנהייב פון די קוואַרטאַלן, ווייניקסטנס ניט שפּעטער ווי עס קומען אָן די בילס פון דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

גאָלובאָוו, פון וויניפּעג, וויל וויסן, וועלכע ברענטשעס עס זיינען שולדיק אַזוי פיל געלט, ווייל זיין ברענטש צאָלט די דיוס רעגעלמעסיק.

זלאַטקין, פון באָפאַלאָ, פרעגט, וואָס טוט די עקזעקוטיוו קאָמיטע ממשות'דיק, אַז די שולדן פון די ברענטשעס זאָלן פאַרקלענערט ווערן.

פעדערמאַן, פון שיקאַגאָ, וויל אַ דייטלאַכע דערקלערונג וועגן דעם, וואָס פר. אייבערעמס מיינט, זאָגנדיק, אַז דער אָפיס איז צו ענג און אַז די אַרבעט אין אָפיס ווערט אַטענדעט.

פר. אייבערעמס ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס. ער דערקלערט, אַז דער צוואַנציג־סענטיקער טעקס האָט גאָרניט צו טאָן מיט דעם פריערדיקן טעקס פון פיר סענט אַ קוואַרטל. עס איז אַ ספּעציעלער טעקס גוטצומאַכן אַ געוויסן דעפיציט.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּראָצענט פון די שולדן פון ברענטשעס, מיינט עס ניט, אַז זיי מעגן שולדיק בלייבן צען פּראָצענט פון אַלגעמיינעם ביל פון אַלע ברענטשעס, נאָר דאָס יעדער ברענטש טאָר ניט בלייבן שולדיק מער ווי צען פּראָצענט פון זיין אייגענעם ביל, און, ווי געזאָגט, עס האָבן זיך געפונען ברענטשעס, וועלכע זיינען שולדיק געווען פון 50 ביז 75 פּראָצענט פון זייער ביל. וואָס אָנבאַלאַנגט די רעזולטאַטן, האָט מען אין מאַנכע פאַלן געמאָנט און געקראָגן אויסגעצאָלט דעם ביל, אין אַנדערע פאַלן האָט מען געמוזט שיקן קאָמיטעס צו די ברענטשעס. דאָרט וואו קיינע מיטלען העלפן ניט, וועט מען מוזן נעמען די לעצטע שטרענגע מיטלען.

אויף דער פראַגע, צי האָבן מיר געהאַט אַ רעכט צו מאַכן אַן אונטערשייד אין די צאָלונגען פון די קענעדער ברענטשעס, איז אונזער ענטפער, אַז מיר האָבן עס געמוזט טאָן צוליב די גרויסע טראָבל, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט די קענעדער ברענטשעס. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די ברענטשעס האָבן ניט געקענט צאָלן זייערע בילס, און דער דאָזיקער מיטל איז געווען דער בעסטער אונטער די אומשטענדן.

וואָס אָנבאַלאַנגט די סטייטמענטס, וואָס זיי ווערן ניט פאַרטיק אין אָנפאַנג פון קוואַרטל, איז דאָס דערפאַר, ווייל די אַרבעט פון גענעראַל־אָפיס איז מער קאָמפּליצירט ווי די פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט און פאָדערט מער צייט זיי צו פאַרפערטיקן.

ער וויל ניט דערמאָנען די נעמען פון די ברענטשעס, וואָס זיינען שולדיק אויף זייערע בילס, ווייל דאָס וואָלט געהייסן דיסקרימינירן יענע ברענטשעס.

וועגן דער פראַגע פון דער ענגשאַפט אין אָפיס, דערקלערט פר. אייבערעמס, אַז הגם די אַרבעט ווערט פון אָפיס געטאָן צופרידנשטעלנד, פאַלט זי אָבער זעהר שווער צוליב דער גרויסער ענגשאַפט אין אָפיס.

עס ווערט באַשלאָסן אויסצודריקן אַ דאַנק צו דער קאָמיטע, און איר באַריכט ווערט איבערגעגעבן צו דער קאָמיטע „אָן אָפיסערס רעפּאָרט“.

פריינד יאַקאָבי גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע. ער זאָגט:

די בענעפיט קאָמיטע האָט דעם יאָר פאַרהאַנדלט איבער 400 קייסעס. אַן ערך פון אַ 150 קאָמיטעס האָבן געדאַרפט געשיקט ווערן דירעקט צו די ברענטשעס פאַר אונטערזוכן וועגן בענעפיט־פראַגן. אַרום 30 קאָמיטעס פון ברענטשעס האָבן מיר אַרויסגערופן צו אונזערע מיטינגען, אום צו קריגן די נייטיקע אינפאָרמאַציעס. מיר האָבן צוריקגעוויזן 70 וואָכן קראַנקן־בענעפיט, אין 80 פאַרשידענע פאַלן, וועלכע זיינען פאַר אונז פאָרגעבראַכט געוואָרן. בלויז 6 פון די אַלע קייסעס האָבן אַפּעלירט צו דער גריווענס קאָמיטע געגן אונזער אַנטשיידונג, און בלויז אין איין פאַל האָט די גריווענס קאָמיטע צוריקגעוויזן אונזער באַשלוס. די מערסטע פון די קייסעס זיינען אַ רעזולטאַט פון נאַכלעסיגקייט מצד די האָספּיטאַלערס, אָדער צוליב דער שולד פון די קאָמיטעס. מיר אַפּעלירן צו די דעלעגאַטן, אַז צוריקקומענדיק צו די ברענטשעס, זאָלן זיי נעמען די ריכטיקע שטעלונג אין דער דאָזיקער פראַגע.

די 5000 דאָלאַר, וועלכע זיינען אונז באַווויליקט געוואָרן פאַר האָספּיטאַלס ביי דער לעצטער קאָנווענשן, האָבן מיר צעטיילט ווי פאָלגט: באַלטימאָר, 200 דאָל.; שיקאַגאָ, 500 דאָל.; פּעטערסאָן, 200 דאָל.; טאָראָנטאָ, 200 דאָל.; נואַרק, 200 דאָל.; מאָנטריאָל, 200 דאָל.; בית ישראל האָספּיטאַל, 700 דאָל.; הענרי סטריט סעטלמענט, 200 דאָל.; לבנון האָספּיטאַל, 500 דאָל.; האָום פאַר קאָנוואַלעסענטס, 200 דאָל.; סט. דזשאָזעף האָספּיטאַל, 200 דאָל.; מאָנטעפיאָר האָום, 100 דאָלאַר.

ער גיט אויך אַן איבערבליק וועגן די פאָנדס פון דער דאָזיקער קאָמיטע.

ענדע 1919 האָבן מיר געהאַט אַ סורפּלוס פון 46,975.43 דאָל.; אייננאַמע דורך דעם יאָר פאַר קראַנקן־בענעפיט פון די 90־סענטיקע וואָס די מיטגלידער צאָלן יעדן קוואַרטל, האָבן מיר געהאַט 246,411.22 דאָל. אויסגעצאָלט צו 9325 מיטגלידער פאַר 33121 וואָכן קראַנקן־בענעפיט, האָבן מיר די סומע פון 105,181.65 דאָל. פון יאַנואַר 1920 ביז יעצט האָבן מיר ווייטער געזאַמלט אַ סומע פון איבער 20 טויזענט דאָלאַר. צוזאַמען האָבן מיר יעצט פאַר'ן קראַנקן־בענעפיט פאָנד אַ סורפּלוס איבער 125 טויזענט דאָלאַר.

אונזער קאָמיטע האָט צוויי רעקאָמענדאַציעס פאַר דער קאָנווענשן:

1) העכערן דעם קראַנקן־בענעפיט פון 6 דאָלאַר אַ וואָך אויף 9 דאָלאַר נאָך די ערשטע 2 וואָכן פון דער קראַנקהייט, און עס זאָל אויך געהעכערט ווערן די צאָלונגען פאַר קראַנקן־בענעפיט צום אָפיס אויף 35 סענט אַ קוואַרטל.

2) איינפירן קלאַסן־בענעפיט, לויט דער פאָלגענדער פאָרם:

1־טע קלאַס — 6 דאָלאַר אַ וואָך דעם ערשטן יאָר, 8 דאָלאַר אַ וואָך דעם צווייטן יאָר. די צאָלונגען צום אָפיס פאַר דעם קלאַס זאָלן זיין ווי ביז יעצט, $3.60 אַ יאָר.

2־טע קלאַס — 9 דאָלאַר אַ וואָך דעם ערשטן יאָר, 6 דאָלאַר אַ וואָך דעם צווייטן יאָר. צאָלונג צום אָפיס זאָל זיין $5.50 אַ יאָר.

3־טע קלאַס — 10 דאָלאַר אַ וואָך דעם ערשטן יאָר, 6 דאָלאַר אַ וואָך דעם צווייטן יאָר. צאָלונג צום אָפיס זאָל זיין $6.10 אַ יאָר.

4־טע קלאַס — 12 דאָלאַר אַ וואָך דעם ערשטן יאָר, 6 דאָלאַר אַ וואָך דעם צווייטן יאָר. צאָלונג צום אָפיס זאָל זיין $7.20 אַ יאָר.

5־טע קלאַס — 15 דאָלאַר אַ וואָך דעם ערשטן יאָר, 6 דאָלאַר אַ וואָך דעם צווייטן יאָר. צאָלונג צום אָפיס זאָל זיין 9 דאָלאַר אַ יאָר.

אויף דער אויפפאָדערונג פון פר. יאַקאָבי, שטעלן זיך אַלע דעלעגאַטן אויף צו ערן דעם אָנדענקען פון דר. קלימענקאָ.

באַדאַנקענדיק די קאָנווענשן אין נאָמען פון דער קאָמיטע פאַר דער ערע, וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט, שליסט פריינד יאַקאָבי זיין רעפּאָרט.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציעס ווערן געשטעלט צו דעם באַריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע:

כייקין, פילאַדעלפיע: וואָרום האָט די עקזעקוטיווע פון די געלדער, וואָס איז באַווויליקט געוואָרן פאַר האָספּיטאַלס ביי דער

לעצטער קאָנוועגשן, ניט געגעבן אַ טייל צו די האָספּיטאלס פון פילאַדעלפיע און קענעדע?

וואָרום נעמט עס אזוי לאַנג ביז סיק סערטיפיקייטס ווערן געפּעסט אין אָפיס?

רובין, פון האָדסן קאונטי, און נאָך דעלעגאַטן, פרעגן, וואָרום רעקאָמענדירט די קאָמיטע צו העכערן די דיוס פאַר קראַנקן־בענעפיט, ווען עס איז דאָ אַ גרויסער סורפּלוס אין די פאָנדס פון דער קאָמיטע?

שוואַרץ, פון ברוקלין, פרעגט, וואָרום די בענעפיט קאָמיטע ארבעט ניט אויס אַ געוויסן פּלאַן צו פאַרמיידן די שוועריקייטן פון קריגן אונטערגעשריבענע סטייטמענטס פון האָספּיטאלס, וועלכע אַנטזאַגן זיך אַזעלכע סטייטמענטס ארויסצוגעבן?

שענדלער, פון דעטראָיט, פרעגט, וואָרום זאָל מען ניט האָבן אין די בראַנטשעס אַ שטענדיקע קאָמיטע פון 3, וועלכע זאָל אונטערשרייבן סערטיפיקייטס נאָכדעם ווי זיי באַזוכן דעם קראַנקן?

פעלדמאַן, ניו־יאָרק: וואָרום האָט מען ניט צוגעצויגן אַ צווייטן מיטגליד צו דער בענעפיט קאָמיטע אין דער צייט ווען איינער פון זייערע מיטגלידער איז געווען אוועק פאַר עטלאַכע מאָנאַטן אין אייראָפּע?

ליטמאַן, מינעסאָטע: וואָרום האָט די קאָמיטע ניט אריינגעבראַכט אַ סטאַטיסטישן באַריכט, צי די געהעכערטע קראַנקן־בענעפיט וועט געדעקט ווערן דורך דעם טעקס פון 35 סענט מער אַ קווארטל, וועלכע זיי רעקאָמענדירן?

פינקעלשטיין, ניו־יאָרק, פרעגט, וואָרום אַנדערע קאָמיטעען ווען זיי פעלט אויס געלט פאָדערן זיי אַ העכערונג, וואָרום זאָל די בענעפיט קאָמיטע, ווען זי האָט אַ סורפּלוס, ניט פאַרקלענערן די צאָלונגען?

קאַפּלאַן, ניו־יאָרק, פרעגט, צי האָט די בענעפיט קאָמיטע זיך אריינגעטראַכט צו נעמען אַ שטעלונג צו די בראַנטשעס, וועלכע מאַכן אוים זייערע סערטיפיקייטס ביי די מיטינגען, און פאַרשאַפן דורך דעם אומאַנגענעמלאַכקייטן דעם אָפיס ווי אויך די מיטגלידער?

פר. יאַקאָבי ענטפערט אויף אלע פראַגן, וואָס זיינען אים געשטעלט געוואָרן:

אין באַצוג סטאַטיסטיקס און ציפערן, איז ער ניט פאַראַנטוואָרטלאַך, ווייל דאָס איז אים ניט צוגעשטעלט געוואָרן פון אָפיס.

וועגן שטיצע פאַר האָספּיטעלער פון אַנדערע שטעט, דענקט ער, אַז פּראָפּאָרציאָנעל זיינען אַלע האָספּיטאלס געשטיצט געוואָרן.

ער דערקלערט, אַז זיי האָבן זיך גערעכענט אין יעדן פאַל דערמיט, וואָס דער באַטרעפנדער האָספּיטאַל טוט אויף פאַר אונזערע מיטגלידער.

דער יעצטיקער סורפּלוס, דערקלערט ער, מוז זיין גרייט פאַר אַ צייט, וועלכע קען ניט פאָרויס געזען ווערן, ווען מען וועט דאָס אפשר דאַרפן באַנוצן. די פאַרגאַנגענהייט האָט אונז שוין אַזעלכע זאַכן געצייגט, און מיר זיינען דאָן געווען אין שרעק, אַז מיר וועלן האָבן ווייניק געלט אין דעם דאָזיקן פאָנד.

דעם בראָנווילער האָספּיטאַל האָט מען ניט געקענט שטיצן, ווייל דאָרטן זיינען פאָרגעקומען רייסערייען. וועגן אלע אַנדערע איינצעלהייטן, וואָרום בענעפיט ווערן ניט אויסגעצאָלט אין צייט, וועט מען דאָס דאַרפן אָנפרעגן ביים גענעראַל־אָפיס. אויב איינער איז ניט צופרידן מיט אַ געוויסער האנדלונג פון אונזער קאָמיטע, קען מען דאָך אַפּעלירן צו דער גריוועגנס קאָמיטע, און אויך צו דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן.

ער דריקט אויס זיין מיינונג, אַז ווען די בראַנטשעס און מיטגלידער וואָלטן געווען מער פאָרזיכטיק און פּינקטלאַכער אריינשיקן די סערטיפיקייטס אין אָפיס געזעצלאַך אויסגעפילט, וואָלטן די אלע פראַגן ניט פאָרגעקומען.

די בענעפיט קאָמיטע ווערט באַדאַנקט פאַר איר גוטער ארבעט, און דער רעפּאָרט ווערט איבערגעגעבן צו דער קאָמיטע „אָן אָפיסערס רעפּאָרט“.

פריינד בורגין באַגריסט די קאָנווענשן אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער דעפענס קאָמיטע. ער צייגט אָן, אַז די ארויסגעשיקטע פון אַמעריקע פאַר פּאָליטישע איבערצייגונגען האָבן דאָ איבערגעלאָזט פאַמיליען, וועלכע זיינען אין גרויס נויט. די דאָזיקע און אויך די אַנדערע גרויסע „פאַרברעכער“, וועלכע זיינען יעצט אין פּריזאָן און וואַרטן אויף זייער ארויסווייזונג פון לאַנד, מוזן פון דער גאַנצער רעכטדענקענדער מענשהייט פאַרטיידיקט ווערן. ער אַפּעלירט דאַרום צו דער קאָנווענשן פאַר פינאַנציעלע שטיצע.

פריינד וואָלבערג, טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, איז דער נעקסטער באַריכט־אָפּגעבער. ער בעט, אַז די דעלעגאַטן זאָלן אויפמערקזאַם אויסהערן זיין באַריכט, ווייל דאָס איז דער וויכטיקסטער טייל פון דער ארבעט ביי אונזערע קאָנווענשנס.

זיי האָבן דעם יאָר געדאַרפט אָנשטעלן אַן אַנדער דאָקטער אויפ׳ן פּלאַץ פון דר. פיש, וועלכער האָט רעזיגנירט. פון אַלע אַפּליקאַנטן האָבן זיי אויסגעקליבן דר. אַנטאָנאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט זיין פּראַקטיקע אין ליבערטי און איז באַקאַנט מיט דעם סאַניטאַריום, און איז אַ ספּעציאַליסט אויף לונגען־קראַנקהייט.

אַט דער יאָר איז געווען דער רואיקסטער אין לעבן פון סאַניטאַריום. די דיסציפּלין און אָרדנונג, וואָס הערשט דאָרט, איז זעהר צופרידנשטעלענד, און פון דעם איז צו זען, אַז די ארבעט פון דר. אַנטאָנאָווסקי איז אַ גלענצענדע. עס זיינען אין פאַרלויף פון יאָר דורכגעפירט געוואָרן איניגע פּרעכטיקע קאָנצערטן אין סאַניטאַריום פאַר די קראַנקע, מיט די בעסטע אַרטיסטן, ווי צום ביישפּיל: יאָסעלע ראָזענבלאַט, מישא עלמאַן, און יוסף ווינאָגראַדאָף. אַ דאַנק קומט גענאָסע יוראָקס מוזיקאַל ביוראָ, פאַר העלפן אונז דורכפירן די דאָזיקע קאָנצערטן ערפאָלגרייך. אויך קומט אַ גרויסן דאַנק פאַר דער ערפאָלגרייכער דורכפירונג פון די דאָזיקע קאָנצערטן אונזער פריינד ר. גוסקין. אַ דאַנק מוז אויך אויסגעדריקט ווערן צו בר. 307 פאַר ביישטייערן אַ פּיאַנאָ פאַר׳ן סאַניטאַריום.

אויך דעם יאָר איז דער סאַניטאַריום־יום־טוב געפייערט געוואָרן מיט גרויסאַרטיקע קאָנצערטן, סיי אין סאַניטאַריום און סיי איבער׳ן גאַנצן לאַנד.

אויף דער אויפפאָדערונג פון פר. וואָלבערג, שטעלן זיך אלע דעלעגאַטן אויף צו ערן דעם אַנדענקן פון דר. ראָם, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד פון סאַניטאַריום.

עס שטעלט זיך אויך אָפּ אויף דעם פאַקט, אַז היינטיקן יאָר איז דער אויפהאַלטונגס פאָנד פער טאָג פער פּאַציענט געשטיגן פון $4.20 אויף $5.75. דאָס קומט דערפון, וואָס אין סאַניטאַריום זיינען געווען ווייניקער פּאַציענטן דעם יאָר, און אַזוי ווי די אויסגאַבן זיינען געווען די זעלבע, האָבן זיך די קאָסטן פאַרגרעסערט פער פּאַציענט.

עס דאַרפן אָנגענומען ווערן מיטלען צו פאַרקלענערן דעם יעצטיקן דעפיציט אין סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד. די קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל העכערן די צאָלונגען מיט 5 סענט אַ קווארטאַל. ער דערקלערט, אַז עס איז וויכטיק, דאָס די דעלעגאַטן זאָלן וויסן, אַז פר. דריישפּיעל האָט זעהר פיל ארויסגעהאָלפן דער קאָמיטע מיט זיין גוטער ארבעט. ער דערמאָנט וועגן די נייע איינריכטונגען, וואָס זיינען לעצטנס געמאַכט געוואָרן אין סאַניטאַריום.

די טשיקען־פאַרם איז ניט קיין פינאַנציעלער ערפאָלג, איז אָבער אַ נויטווענדיגקייט פאַר דעם געברויך פון די פּאַציענטן.

ער באַדאַנקט די דעלעגאַטן פאַר דעם צוטרויען, וואָס זיי האָבן געשענקט דער סאַניטאַריום קאָמיטע, און דער גענעראַל־עקזעקוטיווע דאַנקט ער פאַר דער הילף, וואָס זיי האָבן זיי געגעבן אין דער ארבעט.

פאָלגענדע אינטערפּעלאַציעס ווערען געמאַכט צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע:

מאָלאָט, פון ניו־יאָרק, פרעגט, וועמעס ישולד איז עס, וואָס ס׳איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין פּראָפיט פון ווינאָגראַדאָווס קאָנצערט? ער דענקט, אַז צופיל געלט ווערט אויסגעגעבן אויף די דאָזיקע קאָנצערטן.

דריישפּיעל, ניו־יאָרק: דער פינאַנציעלער סטייטמענט פון די אויסגאַבן פון סאַניטאַריום צייגט, אַז די קאָסטן פון דעם אויפהאַלטונגס־פאָנד זיינען געשטיגן אויף 200 פּראָצענט, אין דער צייט וואָס די אַלגעמיינע העכערונג פון לעבנס־מיטלען איז נאָר געשטיגן אַרום הונדערט פּראָצענט. מיינט דאָס ניט, אַז מיר האָבן געצאָלט צופיל געלט דערפאַר, ווייל די סאַניטאַריום קאָמיטע איז געווען אומקאָמפּעטענט? וואָרום זוכט די קאָמיטע אַליין ניט צו דערקלערן די אורזאַכן פון דער אומגעהייערער שטייגונג פון די אויפהאַלטונגס־קאָסטן? עס וואָלט געווען זעהר ווינשענסווערט, אַז אַ גרינדלאַכע אויספאָרשונג זאָל געמאַכט ווערן, וואָרום אונז קאָסט אויפצוהאַלטן דעם סאַניטאַריום אַזוי פיל טייערער ווי אַנדערע? ער דענקט, אַז די נייע איינריכטונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין סאַניטאַריום, זיינען ניט געווען זעהר נייטיק און מען האָט זיך געקענט באַגיין אָן זיי.

פעלדמאַן, פון ניו־יאָרק, פרעגט, מיט וואָס איז דאָס דער מאַן, וואָס איז אוועקגעפאָרן אין אייראָפּא, געווען אַזוי וויכטיק, אַז זיין פּלאַץ אין דער סאַניטאַריום קאָמיטע איז ניט דערקלערט געוואָרן וואַקאַנט?

שולמאַן, ראָטשעסטער: וואָרום האָט דער טשערמאַן ניט באַריכטעט וועגן דעם צושטאַנד פון די פּאַציענטן — וויפיל פון זיי עס זיינען אַרויס געזונט, וויפיל טויטן־פאַלן עס זיינען געווען אין סאַניטאַריום דורכ'ן יאָר, וויפיל עס זיינען געווען באַצאָלטע פּאַציענטן, און וויפיל עס באַטרעפט די סומע געלט, וואָס איז אַריינגעקומען פון די פּאַציענטן? האָט דעם יאָר געטראָפן, אַז אַפּליקיישנס זיינען צוריקגעוויזן געוואָרן דערפאַר, ווייל מיטגלידער האָבן ניט געקענט צאָלן פאַר זייער פרוי אָדער קינד?

אַשעראָוויטש, ניו יאָרק, פרעגט, ווי קומט עס וואָס כאָטש פּאַציענטן זיינען געווען דעם יאָר ווייניקער ווי לעצטן יאָר, זיינען דאָך די אויסגאַבן געשטיגן און עס איז דאָ אַ דעפיציט?

ליטמאַן, פון מינעסאָטע, פרעגט, וואָרום באַריכטעט ניט די סאַניטאַריום קאָמיטע די קאָסטן פון די פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס באַזונדער?

האָכמאַן, ניו־יאָרק, פרעגט, וויפיל אָנגעשטעלטע עס זיינען דאָ אין סאַניטאַריום, און צי קען מען ניט אויסקומען מיט ווייניקער, און אויף אַזאַ אופן פאַרקלענערן די אויסגאַבן? ער פרעגט אויך, וואָס די קאָמיטע דענקט, וואָס עס קען געטאָן ווערן צו העלפן די עקס־פּאַציענטן?

סעלצער, פון אָלבאַני, פרעגט, וואָרום די סאַניטאַריום קאָמיטע שטעלט ניט אָן קיין עקספּערט פאַרמער, וועלכער זאָל באַאַרבעטן און פירן די פאַרמס אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל זיך באַצאָלן?

פריינד וואָלבערג ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס:

צו די קאָנצערטן, וועלכע די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט געמאַכט, האָט זי געזוכט צו קריגן גוטע, פּאָפּולערע אַרטיסטן, און מיר קענען ניט פאַרהאַנדלען מיט זיי דירעקט, נאָר מוזן זיי אַראַנזשירן דורך זייערע מענעדזשערס. מעגלאַך, אַז ווען מיר קענען פאַרהאַנדלען מיט די אַרטיסטן דירעקט, וואָלטן מיר זיי פיליייכט געקראָגן פאַר ביליגער. אַלנפאַלס, האָבן אונז די אַרטיסטן סיי־ווי געקאָסט ביליגער ווי זיי וואָלטן גענומען אַנדערשוואו.

ער ענטפערט אויף די פראַגן פון פריינד דריישפּיעל, און דערקלערט, אַז דער דעפיציט פון סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס־פאָנד איז ניט אינגאַנצן זייערער. עס איז אין דעם אויך אַריינגערעכנט די 10 טויזענט דאָלאַר דעפיציט, וואָס די פאַר־אַ־יאָריקע קאָמיטע האָט געהאַט. אַז די אויסגאַבן זיינען גרויסע, זאָגן דאָך אונזערע סטייטמענטס זעלבסט, אָבער פריינד דריישפּיעל, וועלכער איז אַליין אַמאָל געווען אַ מיטגליד אין דער סאַניטאַריום קאָמיטע, דאַרף וויסן דעם פאַקט, אַז דעם אַרבייטער רינג האָט שטענדיק געקאָסט אַלץ פיל טייערער ווי אַנדערע, און קיין קאָמיטע קען דערצו ניט העלפן. די קאָמיטע האָט געפּלאַנט צו עפענען אַ שאַפּ לעבן סאַניטאַריום, צו באַשעפטיקן דאָרט די עקס־פּאַציענטן, אָבער נאָך אַ באַראַטונג מיט אונזער מעדיקאַל באָרד, האָבן מיר עס אויפגעגעבן. לויט זייער מיינונג איז דעם דאָזיקן פּלאַן אוממעגלאַך דורכצופירן.

אין סאַניטאַריום געפינען זיך אין דורכשניט פון 30 ביז 32 אָנגעשטעלטע; און מיר מוזן זיי אַלע האָבן.

וועגן אָנשטעלען אַן עקספּערט פאַרמער, ווילן מיר זיך ניט אַריינלאָזן אין איינצעלהייטן, אָבער מיר ווילן דערקלערן, אַז לויט אונזער חשבון וואָלט זיך די פאַרם ניט באַצאָלט. עס וואָלט געקאָסט טייערער ווי עס קאָסט יעצט.

דער פּלאַץ פון דעם מיטגליד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, וואָס איז אוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע, איז ניט דערקלערט געוואָרן וואַקאַנט דערפאַר, ווייל די קאָמיטע האָט גערעכנט, אַז ווען איינער פאָרט אין די אינטערעסן פון רעליף, דאַרף ער ניט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער קאָמיטע פאַר זיין אַפּוועזנהייט.

עס ווערט פאָרגעלעזן אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע פון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָף אַמעריקע.

פר. דינערשטיין, פון ניו־יאָרק, ווערט דערוויילט אַלס טשערמאַן, און פר. פייגין, פון שיקאַגאָ, אַלס וויס־טשערמאַן. דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסן.

## זעקסטע זיצונג, מיטוואָך, 11 אַ זייגער פרי

די זעקסטע זיצונג פון דער קאָנווענשן ווערט ערעפנט מיטוואָך, 11 אַ זייגער פאַרמיטאָג, מיט ל. דינערשטיין אַלס טשערמאַן, און פר. פייגין, פון שיקאַגאָ, אַלס וויס־טשערמאַן.

פריינד וואָלאָס באַריכטעט פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, וועלכע איז קאָנסטיטואירט געוואָרן מיט פריינד וואָלאָס אַלס טשערמאַן און פריינד גלאָבערמאַן אַלס וויס־טשערמאַן. ער לייענט פאָר די פאָלגענדע רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון דער קאָמיטע:

### 1. וועגן רעליף.

די 21־טע קאָנווענשן פון אַרבייטער רינג אונטערשטרייכט אויך דעם מאָל, אַז די הילפס־אַרבעט פאַר די מלחמה־ און פּאָגראָם־קרבנות מוז אין דעם מאָמענט באַטראַכט ווערן אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון יעדער אידישער אָרגאַניזאַציע. די קאָנווענשן פאָדערט דאָרום אויף אַלע מיטגלידער און בראַנטשעס פון דעם אַרבייטער רינג, אַז אויף ווייטער זאָלן זיי, נאָך מיט מער ענערגיע ווי ביז איצט, העלפן שאַפן די נייטיקע פאָנדן פאַר די אידישע פאָלקס־מאַסן אויף יענער זייט ים, ביז זייער חרוב־געוואָרענער לעבן וועט צוריק אויפגעבויט ווערן.

די רעזאָלוציע ווערט איינשטימיק אָנגענומען.

### 2. וועגן קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

די 21־טע קאָנווענשן פון אַרבייטער רינג באַגריסט די דערשייַנונג פון די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אויף דער אידישער גאַס דורך דער איניציאַטיווע און דורך דער הילף פון די בראַנטשעס פון דעם אַרבייטער רינג. די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג איז איינע פון די מיטלען, וועלכע קענען העלפן באַפרייען די אַרבייטער־מאַסן פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. די קאָנווענשן דריקט אויס איר וואונש, אַז די בראַנטשעס פון אַרבייטער רינג זאָלן אויף ווייטער, מיט נאָך מער ענערגיע, העלפן בויען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 3. וועגן לייבאָר לייסעאומס.

די 21־טע קאָנווענשן פון אַרבייטער רינג באַגריסט די באַוועגונג פאַר אַרבעטער־לייסעאומס, וועלכע פאַרשפּרייט זיך איבער'ן לאַנד. מיר באַטראַכטן די אונטערנעמונגען אַלס איינע פון די וויכטיגסטע אין דעם איצטיקן מאָמענט. די קאָנווענשן אַפּעלירט דאָרום צו אַלע בראַנטשעס פון לאַנד צו שטיצן מיט אַלע מיטלען, וואָס זיינען נאָר נייטיק פאַר דער אויפבויאונג פון אַזעלכע אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 4. וועגן נאַטוראַליזאַציע.

די 21־טע קאָנווענשן פון אַרבייטער רינג דריקט אויס איר וואונש, אַז די מיטגלידער פון אַרבייטער רינג זאָלן ווערן בירגער פון אַמעריקע. די קאָנווענשן פאָדערט אויך אויף די בראַנטשעס פון אַרבייטער רינג צו וועקן דעם אינטערעס פון דער מיטגלידערשאַפט צו ווערן בירגער, און דאָס זיי זאָלן שטיצן די עקזיסטירענדע נאַטשוראַליזיישן אייד ליגס איבער'ן גאַנצן לאַנד פינאַנציעל און מאָראַליש.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 5. וועגן אימיגראַציע.

די 21־טע קאָנווענשן פון אַ. ר. באַטראַכט, צוליב דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער וועלט־מלחמה, פאַר אויסערגעוויינלאַך וויכטיק, אַז אַ פולשטענדיק פרייע באַוועגונג פון אַרבעטער פון איין לאַנד אין דער צווייטער זאָלן ניט געשטערט ווערן. יעדער מענש זאָל קענען פאַרלאָזן און אַריינקומען אין יעדען לאַנד צו יעדער צייט. מיר פּראָטעסטירן ענערגיש געגן אַלע געזעצן, וועלכע באַצוועקן די פאַרשפּאַרונג פון די טויערן פון אַמעריקע פאַר אייַנוואַנדערער.

די קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז אַ רעזאָלוציע, פּראָטעסטירנדיק געגן די געזעצן צו באַשרענקן אימיגראַציע, זאָל פון דעם סעקרעטאַריאַט אויסגעאַרבעט ווערן, און נאָכדעם ווי די קאָנווענשן וועט די דאָזיקע רעזאָלוציע גוטהייסן, זאָל זי געשיקט ווערן צום פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטן.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 6. וועגן דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

אין אָנבאַטראַכט, אַז עס איז נייטיק צו האָבן אַ שטאַרקע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל פאַרטיידיקן אייַנוואַנדערונג, ווייל די דאָזיקע טעטיגקייט וועט אין דער צוקונפט ווערן מער קאָמפּליצירט ווי פריער, און אין אָנבאַטראַכט, אַז די דאָזיקע אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, וועלכע טוט די אַרבעט צופרידנשטעלענד, באַשליסט די 21־טע קאָנווענשן פון אַ. ר. צו אינדאָרסירן די אַרבעט פון דער דערמאָנטער קערפּערשאַפט, און דריקט אויס

אַ פאַרלאַנג, אַז אַלע ברענטשעס זאָלן מאָראַליש און פינאַנציעל שטיצן די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 7. וועגן יוניאָן־אַרבעט.

די 21־טע יערלאַכע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. באַשליסט אויפצופאָדערן אַלע מיטגלידער פון אַרבייטער רינג, אַז זיי זאָלן קויפן פראָדוקטן און אַרטיקלען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן פון יוניאָן־אַרבעטער און אונטער יוניאָן־באַדינגונגען.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 8. וועגן דער פרעסע.

אין אָנבאַטראַכט, אַז דער „פאָרווערטס“, ניו־יאָרק „קאָלל“ „פריינע אַרבייטער שטימע“, „צוקונפט“, גערעכטיגקייט“, „פאָרשריט“, „קאָאָפּעראַטיווע וועלט“, און „קעפ־מייקערס זשורנאַל“, האָבן פריי פאַרטיידיקט די פּרינציפּן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־סאָלידאַריטעט, ווי אויך די פּרינציפּן און געדאַנקען פון אַרבייטער רינג, באַשליסט די 21־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אויסצודריקן אַ דאַנק צו די אויבענדערמאָנטע צייטונגען און אויסגאַבן, און זיי ווערן אויך אָנערקענט אַלס די אָרגאַנען, וואָס דריקן אויס דעם גייסט פון אַרבייטער רינג.

די דאָזיקע רעזאָלוציע רופט אַרויס אַ היציקע דיסקוסיע צווישן די דעלעגאַטן.

עס ווערט פאָרגעשלאָגן אַן אַמענדמענט, אַז די אויסגאַבן „דער קאַמף“, „פּראָלעטאַריער“, און „וואָרקערס טשאַלענדזש“, זאָלן צוגעגעבן ווערן צו דער צאָל אויסגאַבן, וואָס דער אַרבייטער רינג אינדאָרסירט, ווייל זיי זיינען אויך אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער.

פר. וויינבערג, פון נ. י., דריקט אויס די מיינונג, אַז דער אַרבייטער רינג קען צו זיך ניט איבערטראָגן אַלע ריוואָלוציעס, וועלכע קומען איצט פאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און דעריבער אַפּעלירט ער צו דעם פאָרשלאַג־שטעלער זיין פאָרשלאַג צוריקצוציען.

פר. וואָולף, פון ברוקלין, דענקט, אַז די ריכטונג פון די אויבענדערמאָנטע צייטונגען איז ניט אין איינקלאַנג מיט 99 פּראָצענט פון די אַרבייטער רינג מיטגלידער, און שלאָגט דעריבער פאָר דעם פאָרשלאַג צוריקצוציען.

פר. קאָהען, פון שיקאַגאָ, זאָגט, אַז טראָץ דעם וואָס מיר זיינען ניט איינשטימיק מיט די ריכטונגען פון יענע צייטונגען. דענקט ער אָבער, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל ניט זיין אַזוי ענגהאַרציק ווי די אויבענדערמאָנטע צייטונגען, און זאָל אינדאָרסירן די דריי אויסגאַבן.

פר. לעווינסאָן, פון דעטראָיט, דענקט, אַז די ריכטונג פון די אויבענדערמאָנטע צייטונגען איז גענצלאַך אַ צעשטערענדע. זיי קעמפן ניט געגן קאַפּיטאַליסטן, נאָר געגן דער גאַנצער אַרבעט, וואָס מיר האָבן אויפגעטאָן פאַר די לעצטע דרייסיג יאָהר אַלס פּראָלעטאַריער, און דער אַרבייטער רינג קען ניט אָננעמען אַזעלכע רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען געגן דער אַרבעטער־באַוועגונג.

סלאַבאָטסקי, פון מאָנטרעאָל, דענקט, אַז די צייטונגען זיינען ניט קיין פאַראַנטוואָרטלאַכע. ווען די פאָריערס יוניאָן האָט פאַרלאָרן דעם סטרייק און די מיטגלידער האָבן זיך געפילט זעהר שלעכט פון דעם, האָבן די דאָזיקע צייטונגען, אַנשטאַט אויפצומונטערן די אַרבעטער, געשאָטן פעך און שוועבל אויף די אַרבעטער־פירער. ער דענקט ,אַז עס וואָלט געווען אַ שאַנדע, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל אַזעלכע אומפאַראַנטוואָרטלאַכע צייטונגען אינדאָרסירן.

פר. אַ. עפּשטיין, פון בר. 1, דענקט, דאָס אַזוי ווי אין אַרבייטער רינג זיינען פאַרטראָטן אַלערליי ריכטונגען, מיט וועלכע ניט אַלע מיטגלידער זיינען איינפאַרשטאַנען, דאַרפן די צייטונגען אויך אינדאָרסירט ווערן. ער דערמאָנט די „פריינע אַרבייטער שטימע“, וועלכע ווערט אינדאָרסירט טראָץ דעם, וואָס זעהר ווייניק אַנאַרכיסטן געפינען זיך צווישן די מיטגלידער. אויב עס איז פאַראַן אַזאַ ריכטונג אין אונזער באַוועגונג, וואָס די צייטונגען פאַרטרעטן, דאַרפן מיר זיי אויך אַריינמעמען אין אונזער פאַמיליע. וואָלט די פראַגע פאָרגעקומען אין דעם פּאָליטישן פליגל פון אונזער באַוועגונג, וואָלטן דאַן די אַרגומענטן פון לעווינסאָנען געווען אַם פּלאַץ. אין אַרבייטער רינג אָבער דאַרפן אַלע ריכטונגען אַריינגיין. דאָס, וואָס איר וואַרפט פאָר די צייטונגען, אַז זיי זיינען צעשטערנד, וויל איך אויפמערקזאַם מאַכן, דאָס אויך די ס. פּ. איז אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך ברעכן אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. ברעכן אום צו בויען — דאָס איז די אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, און עס טרעפט אַ צייט, ווען מען מוז די אייגענע פאַרטיי אויך ברעכן כדי צו בויען. דער אַרבייטער רינג דאַרף דעריבער אינדאָרסירן די דערמאָנטע דריי צייטונגען.

י. לעווין, פון ניו־יאָרק, איז אויך מיט דער מיינונג, אַז אַלע ריכטונגען דאַרפן זיין פאַרטראָטן אין אַרבייטער רינג.

אַ פאָרשלאַג צו שליסן די דיסקוסיע ווערט דאַן אָנגענומען, מען טרעט צו צו דער אָפּשטימונג.

דער אַמענדמענט ווערט צוריקגעוויזן מיט 56 שטימען געגן 59. די אָריגינעלע רעזאָלוציע ווערט אָנגענומען ווי זי איז פאָרגעלעזן געוואָרן.

עס ווערן דאַן פאָרגעלייענט די ווייטערע רעזאָלוציעס:

### 9. וועגן דער ניו־יאָרקער „קאָלל“.

נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז די אַרבעטער־מאַסן אין דעם לאַנד נייטיקן זיך אין אַן ענגלישער פרעסע, וועלכע זאָל פאַרטיידיקן די אַרבעטער־אינטערעסן, און נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז די ניו־יאָרקער „קאָלל“ האָט מוטיק און אומדערשראָקן פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די אַרבעטער אויף דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן געביט, באַשליסט די 21־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אויסצודריקן דעם וואונש, אַז אַלע ברענטשעס און מיטגלידער זאָלן שטיצן די „קאָלל“ פינאַנציעל און מאָראַליש.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 10. וועגן „די נייע וועלט„

נעבענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז „די נייע וועלט“ איז די איינציקע אידישע סאָציאַליסטישע וועכענטלאַכע צייטונג, אַרויסגעגעבן פון דער ס. פּ. סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, באַשליסט די 21־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. צו רעקאָמענדירן צו די מיטגלידער פון אַ. ר., אַז זיי זאָלן העלפן די פאַרשפּרייטונג פון דער דאָזיקער צייטונג, און אויך מאָראַליש און פינאַנציעל איר שטיצן.

איינשטימיק אָנגענומען.

### 11. וועגן יוניאָנס

נעמענדיק איז אָנבאַטראַכט, אַז די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָנס, סיוויק פעדעריישאָנס, און אַלע אַנדערע רעאַקציאָנערע קערפּערשאַפטן זיינען אין אַ פאַרשווערונג צו פאַרניכטן די עקאָנאָמישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס איבער'ן גאַנצן לאַנד, און

נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז אַזעלכע מיטלען, ווי פּראָוואָקאַציע, שפּיאָנאַזש, און אַ נעץ פון דעטעקטיוו אייזשענסיס ווערן באַנוצט פון די אויבענדערמאָנטע מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָנס צו דערגרייכן זייערע פינסטערע, טייוולישע צילען, און

נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז די יוניאָנס זיינען די איינציקע וואָס באַשיצן די עקאָנאָמישע, קולטורעלע און היגיענישע צושטאַנדן פון דעם אַרבעטער־קלאַס,

באַשליסט די 21־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אויסצודריקן איר העפטיקן פּראָטעסט געגן די ווילדע אַטאַקעס פון יענע קערפּערשאַפטן אויף די טרייד יוניאָנס. מיר שטרעקן אויס דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט פון גאַנצן לאַנד אונזער ברודער־האַנט אין דעם איצטיקן קריטישן מאָמענט, און פאַרפליכטן זיך צו שטיצן די יוניאָנס מיט אַלץ וואָס ס'ליגט אין אונזער קראַפט.

דר. מעריסאָן, דער סעקרעטער פון דזשענעראַל מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד פון אַרבייטער רינג, גיט אָפּ זיין באַריכט:

פריינד טשערמאַן און פריינדע:

די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד האָט די עהרע צו באַגריסן די דעלעגאַטן אויף זייער 21־טער און זיגרייכער קאָנווענשאָן.

דער וואונדערבאַרער וואוקס פון אַרבייטער רינג אין די לעצטע עטלאַכע יאָר האָט נאַטירלאַכערווייז פאַרגרעסערט און פאַרפילפאַכט די אַרבעט פון אַלע זיינע דעפּאַרטמענטס און קאָמיטעס. דער גרויסער אַרבייטער רינג, וועלכער זאָרגט אין דער ערשטער ליניע פאַר די מאַטעריעלע נויטן פון זיינע מיטגלידער, איז אַ צווייפאַכיקע אינשורענס געזעלשאַפט: ער באַזאָרגט אי לייף אינשורענס, אי העלטה אינשורענס. די ריזיקע צאָל מיטגלידער מאַכט אָט די דאָפּעלטע אויפגאַבע פאַר אַ זעהר קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג; און אַזוי ווי די פראַגען פון געזונט און לעבן זיינען אָפט מעדיקאַל פראַגן, זיינען די אויסגאַבן און פליכטן פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד זעלבסטפאַרשטענדלאַך.

איך האָב דעריבער די עהרע אייך צו באַריכטן, אַז די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד האָט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, פּונקט ווי אין די פריערדיקע יאָרן, דערפילט זיין אויפגאַבע געוויסנהאַפט און לויט אירע בעסטע מעגליכקייטן. אויסער אונזערע רעגולערע זיצונגען, אויף וועלכע עס ווערן פאַרהאַנדלט די פּונקטען, וועגן וועלכע די בענעפיט קאָמיטע און דער גענעראַל־אָפיס זוכן אונזער מעדיקאַל ראַט, האָבן מיר ווי געוויינלאַך קאָנפערירט צוזאַמען מיט דער בענעפיט קאָמיטע וועגן נייע איינפירונגען צו גונסטן פון די געזונטהייטספאָדערונגען פון די מיטגלידער פון אַרבייטער רינג.

עס האט זיך פון לאנג אן געפילט א נויט צוזאמענצושטעלן א כעט פון אינסטראקשאנס און רולס פאר די מעדיקאל עקזאמינערס, וואס זאל פעסטשטעלן וועלכע קאנדידאטן עס קאנען אנגענומען ווערן און וועלכע עס מוזן צוריקגעוויזן ווערן אינגאנצן, אדער אפגעלייגט ווערן אויף א געוויסער צייט. אויף דעם אנטראג פון דער בענעפיט קאמיטע האבן מיר אויף אונזערע זיצונגען גענוי דיסקוטירט אלע באטרעפנדע פאלן און איינשטימיק באשלאסן יעדן פונקט באזונדער. אונזערע רעקאמענדאציעס זיינען מיט צופרידנהייט אנגענומען געווארן און די רולס זיינען איצט אפגעדרוקט און ווערן פארטיילט צו אלע עקזאמינערס און דאקטוירים פון ארבייטער רינג.

די בענעפיט קאמיטע האט געזוכט אונזער ראט וועגן די נוצן און פראקטישקייט פון איינפירן אלגעמיינע דיספענסערים, וואו קראנקע מיטגלידער פון ארבייטער רינג זאלן קאנען קריגן מעדיצינישע הילף אויף א בכבוד'ן אופן. נאך אן ערנסטער באטראכטונג פון דער פראגע, זיינען מיר געקומען צו דעם שלוס, אז די נוצן פון אזא אונטערנעמונג וועלן ניט אנטשפרעכן די גרויסע קאסטן פון דער זאך, און מיר האבן געפילט, אז מיר קאנען עס ניט רעקאמענדירן. פיל נייטיקער און פראקטישער, לויט אונזער מיינונג, וואלט געווען איינצופירן אין מערערע צענטערס פון לאנד, וואו עס געפינט זיך א גרויסע מיטגלידערשאפט פון ארבייטער רינג, אזא סארט „קליניק פון ספעציאליסטן", וואו א קראנקער מיטגליד זאל קאנען קריגן פאר א מעסיקן פרייז גרינדלאכע אונטערזוכונגען פון פראפעסארן אדער ספעציאליסטן אין זייער פאך מיט די נייעסטע מעטאדן פון עקס־רייס, לאבאראטאריומס, א. ד. ג.

דאס וואלט אבער אמבעסטן געקאנט איינגעפירט ווערן אין פארבינדונג מיט דעם סיסטעם פון דיסטריקט דאקטוירים, וואס זאל אויפגעבויט ווערן אין אלע גרעסערע צענטערס פון לאנד אלס אן אינסטיטוציע פון ארבייטער רינג, אונטער דער אויפזיכט פון די באטרעפנדע קאמיטעס, און ניט בלויז אלס פריוואטע אונטערנעמונג פון א צאל ברענטשעס.

די מעדיקאל אדוויזארי באארד האט מערערע מאל פארהאנדלט און נאך אן אלזייטיקער באטראכטונג באשלאסן פארצולייגן פאר דער געערטער קאנווענשן א פארשלאג פאר א נייער איינפירונג, וועלכע וואלט ניט נאר געבראכט אומגעהייערע נוצן פאר דעם געזונט־צושטאנד פון די מיטגלידער, נאר וואלט אויך פיל פארגרעסערט דעם ערלאך־פארדינטן פרעסטיזש פון אונזער גרויסן ארבעטער־ארדן. איך באצי זיך דא אויף דעם פארשלאג פון „חעלטה סענטערס".

עס איז אן אלט־אנגענומענע וואהרהייט, אז פארהיטן פון קראנקהייטן איז ווערט א סך מער, איידער קורירן קראנקהייטן. אויב מיר רעדן און זארגן אזוי פיל וועגן עפענען דיספענסעריס און קליניקס צו קורירן אונזערע קראנקע, פארוואס זאלן מיר אויך ניט טראכטן און זארגן וועגן פארהיטן דאס געזונט פון אונזערע מיטגלידער, כדי עס זאל ניט קומען צו קיין קראנקהייט? דער גרויסער עולם ווייסט ניט ווי צו לעבן היגיעניש, ד. ה. ווי צו פארהיטן דאס געזונט, אבער איז זעהר גערן צו לערנען וועגן דעם, און פארנעמט מיט גרויס אינטערעס יעדע אויפקלערונג וועגן דער דאזיקער פראגע. די וויכטיגקייט און די נוצן פון היטן און אויפהאלטן דאס געזונט זיינען אזוי גרויס און אזוי קלאר, אז עס ליגט אויף אונז ארויף א פליכט צו טאן עפעס וועגן דעם, און דעריבער וועט איר מיר דערלויבן אייך אנצודייטן אין קורצע שטריכן די רעקאמענדאציע פון דער מעדיקאל אדוויזארי באארד וועגן דעם איינפיר פון די אזוי־גערופענע „חעלטה־סענטערס".

די גרעסטע מערהייט פון די מיטגלידער פון ארבייטער רינג וואוינען אין די גרעסערע שטעט, וואו עס געפינען זיך על פי רוב לייבאר ליסעאומס אדער אנדערע פלעצער, וואס די מיטגלידער האלטן אויף. עס דארף, אלזא, ניט שווער זיין צו קריגן א פאסיקן רום, וואו מען זאל קאנען איינריכטן די נייטיקע גימנאסטישע זאכן פאר קערפערלאכע איבונגען. און וואו עס זאלן אויך געהאלטן ווערן וועכענטלאכע לעקטשורס איבער היגיענישע פראגן. די ערשטע קאסטן פון אויסשטאטן אזא רום דארף באטרעפן העכסטנס א פאר הונדערט דאלאר. די סאלאריס פון א פיזיקאל אינסטראקטער און לעקטשורער דארף באטרעפן ארום $1,500 א יאר. לאמיר זאגן, אז אויפהאלטן אזא העלטה צענטער וועט קאסטן גאנצע $2,000 א יאר לאמיר רעכענען, אז בלויז 10 פראצענט פון די מיטגלידער וועלן זיך באנוצן מיט די גימנאסטישע איבונגען. אין א שטאט, וואו עס געפינען זיך ארום 5000 מיטגלידער, וועלן זיך באנוצן דערמיט 500 מענשן. לאמיר זאגען, אז דער צענטער וועט רעכענען $2.00 פאר א קורס פון 20 איבונגען, בילי‍ק גענוג. (5 מאל א וואך, אין א מאנאט צייט). אויב די 500 מענשן זאלן נעמען בלויז 2 קורסן א יאר, וועלן זיי אריינברענגען די נייטיקע $2000 פאר'ן יאר.

אבער לאמיר אפילו אננעמען, אז די צענטערס וועלן די ערשטע צייט נאך ניט זיין גענוג פאפולער און זיי וועלן א געוויסע צייט ניט זיין סעלף־סופארטינג: מען וועט דארפן צולייגן עטלאכע טויזענט דאלאר א יאר. איז דאס אפשר ניט ווערט? דערלויבט מיר אייך צו צייגן אן אנדער רעכענונג.

אנגענומען, אז פון אונזערע איבער 80 טויזענט מיטגלידער וועלן בלויז 5 פראצענט באזוכן די העלטה־צענטערס און לערנען ווי צו פארהיטן דאס געזונט — ד. ה. אן ערך 5000 מענשן. איר וועט מיר צוגעבן, אז ווען א מענש זאל נעמען א פאר מאנאט א יאר פיזיקאל עקסערסייזעס און זיך אינטערעסירן מיט דעם געזונט פון זיין קערפער, מוז דאס פארלענגערן זיין לעבן דורכשניטלאך — נו, מיר'ן זאגן ווייניקסטענס אויף איין מאנאט. 5000 מאנאט איז 416 יאר. דאס הייסט, דער ארבייטער רינג וועט פארלענגערן דאס לעבן פון זיינע מיטגלידער אויף 416 יאר און וועט ארייננקריגן פון זיי (רעכענענדיק $10 א יאר) ארום $40,000 מער דיוס.

איז עס ניט כדאי? איז עס ניט די בעסטע אינוועסטמענט, וואס דער ארבייטער רינג קען מאכן? אויף אלע אופנים איז דער פלאן פון איינפירן העלט סענטערס זעהר א ווינשענסווערטע אויפגאבע, און דער מעדיקאל אדוויזארי באארד האפט, אז די מיטגלידער וועלן עס אויפנעמען מיט דעם ערנסט, וואס אזא וויכטיגער פלאן פאדערט.

דער טשערמאן שטעלט פאר גענאסע ראוער, וועלכער באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון דער סאציאליסטישער פארטיי. ער אפעלירט פאר פינאנציעלער שטיצע, אין וועלכע די סאציאליסטישע פארטיי נייטיקט זיך יעצט אם שטארקסטן. ער דערציילט אויך פון דעם שטארקן קאמפיין, וועלכן די פארטיי פירט יעצט אן צו באפרייען אונזער אלעמענס באליבטן גענאסע, יוזשין וו. דעבס, וועלכער זיצט נאך אלץ הינטער די גראטעס דערפאר, ווייל ער האט געהאט מוט גענוג צו זאגן דעם אמת'ן ווארט אין דער ריכטיקער צייט. ער דייטעט אויך אן אויף דער נויטווענדיגקייט פון העלפן זיי אפצאלן די שולדן פון די הויז, וואס זיי האבן אין שיקאגא, פאר וועלכע א געוויסע סומע איז איינגעצאלט געווארן. ער האפט, אז די דעלעגאטן וועלן פארשטיין די נויטווענדיגקייט, אז די סאציאליסטישע פארטיי זאל האבן אן אייגענע הויז, וואו דאס פרייע ווארט זאל קענען אויסגעדריקט ווערן אומגעשטערט.

דזשאזעף ד. קאנאן באגריסט די קאנווענשן אין נאמען פון דער לייבאר פילם קארפאריישן. ער דענקט, אז די בילדער, וועלכע ווערן געצייגט אין די ביליקע מואווינג פיקטשור הייזער, וואס א סך פון אונזערע ארבעטער באזוכן גאנץ אפט, זיינען שעדלאכע. עס זיינען אבער דא א געוויסער סארט בילדער פון דעם ארבעטער־לעבן, וואס, ווען נאר איבערגעגעבן טריי, וואלטן געקענט זיין א מין שולע צו לערנען די ארבעטער, וועלכע באזוכן די מואווינג פיקטשורס, סאציאליזם און טרייד־יוניאניזם. עס איז כאראקטעריסטיש, אז ווען קאפיטאליסטישע ארגאניזאציעס האלטן אפ זייערע קאנווענשנס, ווערט דאס ברייט פארשפרייט אין אלע מואווינג פיקטשור הייזער, אבער ווען אזא ארגאניזאציע ווי דער ארבייטער רינג האלט אפ קאנווענשנס, ווייסן די ברייטע מאסן גאר ניט דערפון. ער אפעלירט צו דער קאנווענשן פאר פינאנציעלער שטיצע פאר דער לייבאר פילם קארפאריישן, וועלכע, לויט זיין מיינונג, וועט מיט דער צייט שפילן א גרויסע ראלע אויף דער ארבעטער־גאס.

פריינד מיניץ, פארטרעטער פון דער „פרייער ארבייטער שטימע", באגריסט די קאנווענשן און אפעלירט פאר שטיצע. עס פרייט אים זעהר צו זען דעם ארבייטער רינג אזוי שטארק און איינדרוקספול, ספעציעל איז ער צופרידן דערפאר, ווייל ער איז געווען איינער פון די מאמעס פון דער ארגאניזאציע. ער דערציילט די שוועריגקייטן, וואס די „פרייע ארבייטער שטימע" דארף יעצט אויסשטיין. די רעאקציע, וואס בושעוועט יעצט אין לאנד, אין וועלכע אלע שווארצע כחות זיינען פאראייניקט צו צעברעכן יעדע צייטונג, וועלכע האט דעם מוט צו זאגן א פריי ווארט בכלל, האט אויסגעגאסן איר גאנצן צארן אויף דער „פרייער ארבייטער שטימע" בפרט. ער האפט, אז די דעלעגאטן וועלן דאס נעמען אין אנבאטראכט און העלפן דער דאזיקער צייטונג, וועלכע האט אלע יארן געמאטערט זיך פאר איר עקזיסטענץ, און איז יעצט זעהר אין א שלעכטן פינאנציעלן צושטאנד.

פריינד יודיטש, טשערמאן פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע, באריכטעט:

עס וועט אפשר קלינגען ניט באשיידן, אבער איך וויל גלייך ביים אנפאנג באהויפטן, אז די ארבעט פון אונזער קאמיטע איז אין פארגאנגענעם יאר געווען א מער אנגעשטרענגטע ווי אין די לעצטע יארן. דאס איז געווען צוליב צוויי מאטיוון.

ערשטנס, דער איצטיקער עקאנאמישער קריזיס און די אפאטישע שטימונג בכלל און אין ארבייטער רינג בפרט: עס איז געווען דער וואונש פון אונזער קאמיטע, אז אט די שווערע אומשטענדן זאלן דעם וואוקס און טעטיגקייט פון ארב. רינג ניט שעדיקן.

צווייטנס, ווערט די ארבעט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע אלין שווערער צוליב דעם, וואס מיר מוזן טאן ארבעט פון אנדערע קאמיטעס.

פארמעל, זיינען די אויפגאבן פון דער ארג. קאמיטע „ארגאני־

זאַציאָנס־טעטיגקייט", אָבער ניט קיין עדיוקיישן, „גריווענסעס", וועלכע האָבן אַ שייכות מיט אַנדערע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס. אָבער ווען אין אַ געוויסער שטאָט ווערט דאָס לעבן פון אונזערע ברענטשעס פּאַראַליזירט איבער אַ צו־שווערער עדיוקיישאָנאַל אונטערנעמונג, מיט וועלכער זיי האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט. אָדער אין אַן אַנדער שטאָט ליידן די ברענטשעס פון געוויסע אינערלאַכע סכּוכים. אַזעלכע פּונקטן האָבן אַ שייכות מיט דער עדיוקיישאָנאַל אָדער גריווענס קאָמיטע. אָבער פּאַקטיש איז אַנדערש, ווייל אויב מיר ווילן, אַז דאָס לעבן אין אונזערע ברענטשעס זאָל אַנגיין ניט געשטערט, מוזן מיר טאָן אַלץ, כדי אָפּצוראַמען פון וועג אַלע שטרויכלונגען.

דאָס איז ניט בלויז קיין משל, נאָר אַ פּאָר פון אַ גאַנץ גרויסער צאָל פאַקטן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט אין אונזער טעטיגקייט אין פאַרגאַנגענעם יאָר, וואָס האָט באַדייטענד שווער געמאַכט די אַרבעט פון אונזער קאָמיטע.

אין אַלגעמיינע ווערטער קען מען זאָגן פאָלגענדעס:

צוערשט האָבן מיר צוזאַמענגעשטעלט אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט איבער'ן לאַנד; מיר האָבן אָרגאַניזירט אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, געהאַט אונזערע פאַרטרעטער, וואו נאָר מעגלאַך, און דאַן האָבן מיר אָנגעפאַנגען אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין:

מיר האָבן פריער פאַר אַלץ אויסגעאַרבעט אַלע נייטיקע פּלענער. אין דעם פּרט האָבן מיר שוין געהאַט אויסגעטראָטענע וועגן פון פריער. אַזוי האָבן מיר אויך דעם יאָר זיך באַנוצט מיט אַלע פּאַסענדע פאָרמען פון אַדווערטייזמענטס, און מיט אַלע מעגלאַכע אַגיטאַציאָנס אופנים, סיי דורך דער גרויסער פּרעסע און סיי דורך ספּעציעלע אויפרופן און פּאַמפּלעטן; מיר האָבן אויך באַשטימט פּרעזענטן אַלס אויסדרוק פון אַנערקענונג צו די יעניגע ברענטשעס און מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער טעטיגקייט אין דעם קאַמפּיין. מיר האָבן אָבער פּאַקטיש ניט פאַרנאַכלעסיגט קיין געלעגנהייט און קיין מעגלאַכקייט צו אַגיטירן פאַר דעם אַרבייטער רינג, און צוליב דעם אויך צו שאַפן אַ לעבעדיקן אינטערעס אין אונזערע ברענטשעס.

מיר האָבן אין משך פון יאָר דורכגעפירט אַ גרעסערע צאָל קאָנצערטן און מאַסנפאַרזאַמלונגען אין אַ ריי גרעסערע שטעט פון לאַנד. אין די מערסטע ערטער זיינען אָט די גרויסע פאַרזאַמלונגען דורכגעפירט געוואָרן אין אָנפאַנג פון אונזער קאַמפּיין. און אויסער אַזעלכע גרויסע אונטערנעמונגען, האָבן מיר דורכגעפירט נאָך אַ גרעסערע צאָל פון קלענערע אַגיטאַציאָנס־פאַרזאַמלונגען, דזשאָינט מיטינגען און ספּעציעלע ברענטש מיטינגען כמעט אין אַלע וויכטיקערע שטעט און ברענטשעס פון לאַנד. אונזער קאָמיטע גופא איז דירעקט געווען פאַרטראָטן דורך רעדנער אויף 35 פאַרזאַמלונגען אין ניו־יאָרק און ביי 65 אין פאַרשידענע אַנדערע שטעט.

---

קיין דירעקטע אָרגאַניזאַציאָנס־טורס זיינען פון אונז דעם יאָר ניט דורכגעפירט געוואָרן. אָבער מיר האָבן מיטגעהאָלפן דורכצופירן ערפאָלגרייכע טורס אין 3 דיסטריקטן פון לאַנד: איינער אין קאַליפאָרניע, מיט זייער סעקרעטער, סיימאָנס; איינער אין דעטראָיטער דיסטריקט, מיט פריינד לעווענסאָן פון דעטראָיט, און צוויי אין פּיטסבורגער דיסטריקט, מיט די פריינד זאַלצמאַן און באום.

נאָכדעם ווי מיר האָבן געקראָגן דעם טשאַרטער אין מאַסאַטשוזעטס, האָבן מיר דערוואַרט, אַז ביז דער היינטיקער קאָנווענשן זאָלן מיר אין דעם סטייט קענען פיל אויפטאָן. דער רעזולטאַט האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פיל קלענער ווי דערוואַרטעט: ביז היינט האָבן מיר דאָ אין סטייט אָרגאַניזירט בלויז דריי ברענטשעס, ווייל צוליב די ברענטשעס פון לייבאָר ליג, מיט וועלכן מיר זיינען נאָך פאָרמעל ניט פאַראייניקט, האָט די אָרגאַניזירונג פון אַ. ר. ברענטשעס געמוזט אָפּגעהאַלטן ווערן ביז נאָך דער אָפיציעלער פאַראייניגונג. אָבער דער באָדן פאַר דעם אַרבייטער רינג איז דאָ דערווייל צוגעקערט געוואָרן. מיר האָבן דאָ אין די פּאָר מאָנאַטן אָפּגעהאַלטן אַ ריי גרעסערע פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן אָן שום ספק געשאַפן גרויסע מעגלאַכקייטן אויף שפּעטער.

דער סך־הכל פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין איז, לויט אונזער אָפּשאַצונג, זעהר צופרידענשטעלנד: מיר האָבן שוין ביז דעם 1־טן אַפּריל אַריינגעקראָגן אין אונזערע רייען איבער עלף טויזענט נייע מיטגלידער. דאָס איז באַלד אַזוי פיל ווי די גאַנצע מיטגלידערשאַפט צוזאַמענגענומען. און אונטער די אומשטענדן איז דאָס גאָר ניט אַזוי שלעכט. דער נעט צואוואוקס פאַר דער זעלבער צייט איז געווען קנאַפּע פינף טויזענט. די צאָל פון געשטראָכענע מיטגלידער דעם יאָר איז ביי אונז געווען גרעסער ווי אין די פריערדיקע יאָרן, — ערשטנס, צוליב דעם עקאָנאָמישן קריזיס; צווייטנס, איז דאָס נאַטירלאַך לויט דער פּראָפּאָרציע פון אונזער אַלגעמיינער מיטגלידערשאַפט און לויט דער פּראָפּאָרציע פון די נייע צוגעקומענע אין די לעצטע עטלאַכע יאָר.

אויסער דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין, האָבן מיר זעהר פיל פון אונזער צייט און ענערגיע געמוזט אַוועקגעבן פאַר פילע אַנדערע טעטיגקייטן. עס איז אַ קלאָרער פאַקט, אַז צו יעדער וויכטיקער אונטערנעמונג אין דעם אַרבייטער רינג מוז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע שענקען איר ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. מיר האָבן, למשל, אַ ספּעציעל ערוויילטע קאָמיטע פאַר אידישער רעליף־טעטיגקייט, אָבער פּאַקטיש ווערט די דאָזיקע קאַמפּיין־אַרבעט געפירט און געטאָן פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. און אַזוי איז מיט אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען. דאָס איז נאַטירלאַך. אָן דעם וואָלט אונזער קאָמיטע ניט געווען ערפילט אירע אָרגאַניזאַציאָנס־אויפגאַבן אין דעם ברייטערן זין.

איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן אויף קיין איינצעלנע סכסוכים אין ברענטשעס, טרענספערס פון ברענטש צו ברענטש אָדער מעמבער עט לאַרדזש, פאַראייניגונגען אָדער אויפלעזונגען פון ברענטשעס, וואָס אונז איז אויסגעקומען אויסצוגלייכן. איך גלויב ניט אויב דאָס איז נייטיק. איך וויל דאָ בלויז זאָגן, אַז מיר האָבן אויך דעם יאָר געהאַט אַזעלכע פאַלן. און מיר האָבן זיי דורכגעפירט, ווי אונז שיינט, אויף דעם בעסטן אופן, ווי דאָס איז נאָר געווען פּאַסענד און מעגלאַך.

איך וויל איצט אין קורצן באַרירן איניגע פּונקטן, צו וועלכע איך בעט אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט פון די דעלעגאַטן:

ערשטנס, וועגן אונזערע דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס:

פון די איצטיקע דיסטריקט אָרגאַניזאַציעס, וואָס מיר האָבן איבער'ן לאַנד, זיינען אָן ספק פאַראַן אַ גרויסע צאָל, וועלכע פאַרדינען גרויס קרעדיט פאַר זייערע איבערגעבענער טעטיגקייט. אין נאָמען פון אונזער קאָמיטע, גיב איך זיי דאָ איבער אַ דאַנק פון אַנערקענונג. עס זיינען אָבער אויך דאָ אַ גאַנץ גרויסע צאָל דיסטריקט אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן לויט זייער טעטיגקייט כמעט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג. אין מאַנכע ערטער זיינען די דיסטריקט קאָמיטעס זאָגאַר ביז אַ געוויסער מאָס שעדלאַך דערמיט, וואָס צוליב זייער כלומר'שטער עקזיסטענץ טוען די ברענטשעס אויך ניט פיל. די זעלבע קאָמיטעס האָבן פונדעסטוועגן אָפט גאָר היבשע אָרגאַניזאַציאָנס־אויפגאַבן. מיר דערמאָנען דאָס דאָ גאַנץ אָפּנהערציק, און מיר גלויבן, אַז די נעקסטע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט דאָס נעמען אין אַכט ביים אָרגאַניזירן די נייע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

אַ צווייטער פּונקט, אין וועלכן די דעלעגאַטן דאַרפן זיך אַריינטראַכטן, אפשר נאָך ביי דער היינטיקער קאָנווענשן, איז וועגן אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט אין פאַרבינדונג מיט דער עדיוקיישאָנאַל אַרבעט בכלל, און ספּעציעל וועגן די דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס און דיסטריקט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס.

ווי אונז שיינט, איז ניטאָ קיין באַשטימטע אָרדנונג, סיי אין דער פאַנאַנדערטיילונג פון טעטיגקייט און סיי אין די בודזשעטן פון די דאָזיקע קאָמיטעס; קודם כל איז בכלל זעהר אָפט שווער צו באַשטימען וואָס עס איז אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט און וואו עס פאַנגט זיך אָן דאָס, וואָס מען רופט עדיוקיישאָנאַל אַרבעט. דער פאַקט איז בלויז דער, אַז מיר האָבן פאַר דעם צוועק צוויי נאַציאָנאַלע קאָמיטעס, און צוויי פאַנאַנדערגעטיילטע פאָנדן. דערפאַר זיינען אָבער די דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס אין די מערסטע ערטער גלייכצייטיק אויך די דיסטריקט עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס; אָט די דאָזיקע קאָמיטעס ווערן אָרגאַניזירט און אויפגעהאַלטן פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרטמענט, און גאַנץ אָפט — ווייל אונזערע ברענטשעס אָדער דיסטריקטן קענען ניט באַשטימען די גרענעצן צווישן זייער אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל טעטיגקייט, ווערן זייערע מערסטע אויסגאַבן געדעקט בלויז פון אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד. די אָרדנונג, ווי געזאָגט, איז דאָ דעריבער בכלל ניט קיין געזונטע. און הגם מיר האָבן אין שייכות צו דעם קיין רעקאָמענדאַציע ניט באַשטימט, דאַך וואָלט ווינשנסווערט געווען אין דער פראַגע זיך צו פאַרטראַכטן.

נאָך אַ פּונקט וועגן אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד:

די 4 סענט אַ קוואַרטל, וואָס ווערט איצט געצאָלט צום אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד, האָט דעם יאָר אַריינגעבראַכט אַרום צוועלף און אַ האַלב טויזענט דאָלאַר. אָבער אַרונטערנעמענדיק פון דעם דעפיציט פון פאָריקן יאָר, און אַרום אַכט און אַ האַלב טויזענט דאָלאַר, וועלכע זיינען אויסגעגעבן געוואָרן דורך די דיסטריקט קאָמיטעס, איז פאַר דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע געבליבן בלויז גענויע צוויי טויזענט דאָלאַר, פון וועלכע עס האָבן געדאַרפט געדעקט ווערן אַלע אויסגאַבן פאַר אַדווערטייזמענטס, פּרינטינג, פּרעזענטן, רייזע־הוצאות און ענלאַכע אויגאַבן. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אוממעגלאַך. אונזער קאָמיטע האָט דעריבער דורכגעפירט אַ ספּעציעלן אַסעסמענט פון 5 סענט, כדי צו קענען דעקן אַלע נייטיקע קאָסטן ביז איצט. די דעלעגאַטן וועלן אָבער מוזן ביי היינטיקער קאָנווענשן העכערן די צאָלונגען אויף דעם נעקסטן יאָר, אַנדערש וועט פאַר דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע זיין ווידער שווער אַנצוגיין מיט איר אַרבעט.

און רעדנדיק וועגן אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד, איז עס מערקווירדיק, אַז כמעט די זעלבע טוער אונזערע, וועלכע זיינען דעלעגאַטן ביי די קאָנווענשנס, זיינען זעהר „שפּאָרזאַם" ווען עס קומט דאָ צו באַשטימען דעם אָרג. בודזשעט; די זעלבע זיינען אָבער גאָר ניט אַזוי שפּאָרזאַם, ווען עס האַנדלט זיך אין געוויסע אויסגאַבן פאַר זייערע באַטרעפנדע דיסטריקטן, וועלכע זיי דאַרפן אָפט באַקומען פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע; זיי פאַרגעסן דאַן ווי ווייט דער בודזשעט איז פון זיי זעלבסט באַגרענעצט געוואָרן, און די טוער פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע ווערן פון זיי באַטראַכט אַלס אמת'ע גזלנים, וואָס ווילן פאַר דער טעטיגקייט אין זייערע טיסטריקטן ניט באַווילינגן די פאַרלאַנגע סומן. זאָלן דאָס די דעלעגאַטן איצט אַלץ אָפּשאַצן, און דער־

ביי ניט פאַרגעסן די וויכטיגקייט פון דעם פאָנד בכלל, פון וועלכן מיר טאָרן ניט שפּאָרן, אויב מיר זיינען פאראינטערעסירט אין דעם פאָרשריט פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

מיר גלויבן, אַז אין אַלע פּרטים האָט אונזער קאָמיטע געטאָן דאָס בעסטע, וואָס איז נאָר געווען מעגלאַך אונטער די אומשטענדן. אין צום שלום פון אונזער באַריכט ווילן מיר זאָגן, אַז מיר פאַרלאַנגען ניט קיין דאַנק פאַר אונזערע אָנשטרענגונגען, ווייל מיר האָבן בלויז געטאָן אונזער פליכט. אונזער איינציקער וואונש איז נאָר, אַז איר, פריינד דעלעגאַטן, זאָלט אָוועקפאָרן פון היינטיקער קאָנווענשן מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז אין אַלע צייטן, — אין די שלעכטע ווי אין די גוטע, — קען זיך אונזער אַרבייטער רינג ניט פאַרגינען דעם „לוקסוס" פון בלייבן און שטיין אויף איין אָרט. מיר מוזן און מיר זאָלן אין דעם פּרט זיין אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. און פּונקט ווי אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, אַזוי זאָלן מיר אַלע צוזאַמען נאָך מיט מער ענערגיע אַרבעטן פאַר ווייטערע און נאָך גרעסערע ערפאָלגן פון אונזער אַרבייטער רינג.

עס ווערן געשטעלט אינטערפּעלאַציעס:

פריינדין אַלינסקי, פון נוואַרק: וואָרום האָט די אָרג. קאָמיטע ניט געמאַכט קיין ספּעציעלע אָנשטרענגונג צו אָרגאַניזירן די פרויען אין דעם אַרבייטער רינג?

בראָידע, פון האָדסן קאונטי: וואָרום האָט די קאָמיטע ניט געמאַכט קיין פּראָבע צו אָרגאַניזירן ספּעציעלע ענגליש־שפּרעבענגדע ברענטשעס?

הילל, פון אָמאַהאַ: צי איז דאָס ניט אַ פאַקט, אַז פילע דיסטריקט קאָמיטעס, אַזעלכע ווי למשל פון זייער דיסטריקט, באַקומען זאָגאַר גיט גענוג אויף רייזע־קאָסטן, וואָס זיי דאַרפן צוליב זייער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט?

ווינער, פון דעטראָיט: צי ווייסט די אָרג. קאָמיטע, אַז בעת זיין טור אין דעטראָיט דיסטריקט האָט פריינד לעווענסאָן אין אַ געוויסער שטעטל געהאַט אַ פאַרזאַמלונג מיט עטלאַכע קרעמער, וועלכע זיינען גאָר ניט פּאַסנד פאַר קיין אַרבייטער־רינג מיטגלידער?

ליטמאַן, פון מינעסאָטע: אויב עס איז ריכטיג, אַז פיל דיסטריקט קאָמיטעס עקזיסטירן בלויז אויף פּאַפּיר און קענען ניט טאָן קיין אַרבעט, פאַרוואָס זאָלן אַזעלכע ניט אויפגעלייזט ווערן?

אַן ענלאַכע אָנפראַגע שטעלט קופער, פון ברידזשפּאָרט.

שוואַרץ, פון ברוקלין: צי איז עס ניט אַ פאַקט, אַז פון די ספּעציעלע אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיינס — פון אונזער געיעג נאָך נייע מיטגלידער — קומט דעם אַרבייטער רינג קיין געזונט ניט צו, ווייל עס קומען אַריין אַזעלכע, וועלכע זיינען בכלל ניט פּאַסנד צו זיין ביי אונז קיין מיטגלידער?

קאַצמאַן, פון סינסינעטי: פאַרוואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן טורס אין דיסטריקטן, וואו עס איז גראָד פאַראַן לעבן אין די ברענטשעס, און אַזעלכע שוואַכערע דיסטריקטן ווי זייערע זיינען גראָד אויסגעלאָזן — כאָטש דאָרט איז דאָס נייטיקער?

פריינד יודיטש ענטפערט:

1) מיר האָבן ניט אָנגעפירט קיין ספּעציעלע פרויען־אַגיטאַציע, אָבער מיר האָבן אָנגעפירט אַן אַלגעמיינע אַגיטאַציע, וועלכע איז געווען, לויט אונזער אָפּשאַצונג, אויך פאַר פרויען.

2) מיר האָבן יאָ געמאַכט אַ פּראָבע צו אָרגאַניזירן ענגליש־שפּרעכנדע ברענטשעס, און צוויי זעלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין ניו־יאָרק, מער האָט זיך אונז ניט איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן.

3) עס איז אמת, אַז די אויסגאַבן פון פיל דיסטריקט קאָמיטעס זיינען פיל מער ווי די סומן, וועלכע זיי באַקומען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. עס איז אָבער אויך אמת, אַז די אַקטיוויטעט פון פילע פון זיי האָט זאָגאַר ניט די ווערט די קליינע סומע, וואָס זיי באַקומען צושטייער אויף זייערע אָרגאַניזאַציאָנס־קאָסטן.

4) מיר ווייסן, אַז פריינד לעווענסאָן האָט אין אַ שטעטל געמאַכט אַ פּראָבע צו אָרגאַניזירן אַן א. ר. ברענטש, נאָר טאַקע אַזוי ווי דאָרט איז ניט געווען קיין גענוגענדע צאָל פּאַסנדע מיטגלידער, איז דעריבער קיין ברענטש ניט אָרגאַניזירט געוואָרן.

5) די פראַגע וועגן די ניט־באַרעכטיקטע עקזיסטענץ פון מאַנכע דיסטריקט אָרגאַניזאַציעס און וועגן זייער אויפלייזונג וועט פאַרהאַנדלען די נייע אָרג. קאָמיטע, בעת זיי וועלן אָרגאַניזירן די נייע דיסטריקט קאָמיטעס.

6) מיר גלויבן, אַז אַזעלכע מיינונגען וועגן די קאַמפּיינס, ווי די, וואָס עס האָט אַרויסגעזאָגט פריינד שוואַרץ, שאַפן קיין געזונט ניט פאַר דעם א. ר.; עס איז אמת, אַז אין צייט פון קאַמפּיינס קומען אַריין ניט אַלע קיין פּאַסנדע מיטגלידער, עס איז אָבער אויך אמת, אַז די זעלבע — אָדער זיי פאַרלאָזן אונז באַלד, אָדער די א. ר. ברענטשעס ווערן פאַר זיי אַ נייע דערציאונג און ווערן מיט דער צייט גאַנץ ווינשענסווערטע מיטגלידער אין אונזערע רייען. אַלנפאַלס געווינען מיר פון דעם זעהר פיל. און אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי דער אַרבייטער רינג קען זיך בכלל ניט שרעקן פאַר אַזאַ געפאַר, ווי די, פאַר וועלכער מאַנכע ציטערן אין זייערע ניט ריכטיקע אָפּשאַצונגען וועגן אונזערע אָרג. קאַמפּיינס.

7) ווען מיר אַליין וואָלטן געווען אָרגאַניזירט געוויסע טורס, וואָלטן מיר געוויס גענומען אין אַכט פריער פאַר אַלץ די דיסטריקטן, וועלכע האָבן אַזעלכע טורס אַליין אָרגאַניזירט.

עס ווערט איינשטימיק באַשלאָסן צו באַדאַנקען דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע פאַר זייער אַרבעט, און דער באַריכט ווערט איבערגעגעבן צו דער קאָמ. „אַן אָפּיסערס רעפּאָרטס".

עס ווערט ערוויילט פריינד טייטעלמאַן פון פילאַדעלפיע אַלס טשערמאַן, און פריינד הייפערלינג אַלס וויס־טשערמאַן פאַר דער נעקסטער זיצונג.

דערמיט שליסט זיך די 6־טע זיצונג פון דער קאָנווענשן.

---

## זיבעטע זיצונג, דאָנערשטאָג, דעם 5־טן מאַי

די זיבעטע זיצונג ווערט ערעפנט דאָנערשטאָג נאָכמיטאָג, דעם 5־טן מאַי. ה. טייטעלמאַן, טשערמאַן, און ס. הייפערלינג, וויס־טשערמאַן.

די פאָלגענדע טעלעגראַמען ווערן פאָרגעלעזן: פון פּיפּלס רעליף, ניו־יאָרק; דזשאָינט באָרד קלאָוקמאַכער יוניאָן, ניו־יאָרק; פעדערייטעד א. ר. שיקאַגאָ; סענעדער דיסטריקט קאָמיטע א. ר.; קאָנעקטיקוט דזשאָינט באָרד אַמאַלגאַמייטעד, סאָסייעטי פאַר טעכנישער רעליף צו סאָוויעט רוסלאַנד, קעפּ מאַכערס יוניאָן, דר. אַנטאָנאָווסקי, עקס־פּאַציענטן פון קאָלאָראַדאָ, יונייטעד לייבאָר עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, קלאָוק־מאַכערס יוניאָן פון באָסטאָן, און אַנדערע טעלעגראַמען, וועלכע וועלן דערשיינען באַזונדער אין „פריינד".

דער סעקרעטאַר דערקלערט, אַז עס איז דערהאַלטן געוואָרן אַ טעלעגראַמע פון די פּיפּלס האָוז, ניו־יאָרק, וואו די ראַנד סקול געפינט זיך, און זיי בעטן, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל איבערנעמען זייער מאָרטגעדזש. די דאָזיקע טעלעגראַמע איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

ה. ר. לינוואַל, פון די לערער יוניאָן, באַגריסט די קאָנווענשן. ער גיט איבער פאַר דער קאָנווענשן איינציגע כאַראַקטעריסטישע אייגענשאַפטן פון לאָסק בילס, וועלכע ציינן ווי ווייניק די פאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן רעאַקציאָנערן ביל רעכענען זיך מיט די לערער, אַבוואָל זייערע דינסטן זיינען אַזוי וויכטיק פאַר דער דערציאונג פון דעם נייעם דור. די לערער־יוניאָן האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די לערער, און דערמיט מאַכן אַז מען זאָל זיך אין דער צוקונפט מיט זיי מער רעכענען, ווי ביז איצט, און ניט זוכן זיי אונטערצואוואַרפן אונטער אַזעלכע שטרענגע באַדינגונגען פון שפּיאָנאַזש. ער אַפּעלירט אַז די קאָנווענשן זאָל שטיצן די לערער־יוניאָן.

פר. גילמאַן, סעק. פון דער אַמאַלגאַמיישן קאָמיטע, באַריכטעט דאָ וועגן די באַדינגונגען, אויף וועלכע דער אַרבייטער רינג זאָל זיך פאַראייניקן מיט דעם לייבאָר ליג. זיין רעפּאָרט איז ווי פאָלגט:

די אַמאַלגאַמיישן קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט פר. י. קופער אַלס טשערמאַן און ב. גילמאַן אַלס סעקרעטאַר.

פר. י. באַסקין, גענ. סעק. פון אַרבייטער רינג, לייגט פאָר דעם אַגרימענט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צווישן דעם אַרבייטער רינג און לייבאָר ליג אינקאָרפּאָרייטעד, וועלכער לעזט זיך ווי פאָלגט:

### דער אָפּמאַך צווישן דעם אַרבייטער רינג און דעם לייבאָר ליג.

דער אָפּמאַך צווישן דעם אַרבייטער רינג, אַ פראַטערנאַל בענעפיט סאָסייעטי, אָרגאַניזירט אונטער די געזעצן פון דעם סטייט ניו־יאָרק, און האָט אַלס הויפּט ביזנעס־פּלאַץ די שטאָט פון ניו־יאָרק, קאונטי ניו־יאָרק, און שטאַט פון ניו־יאָרק, און דעם לייבאָר ליג אינקאָרפּאָרייטעד, אַ פראַטערנאַל בענעפיט סאָסייעטי, אָרגאַניזירט אונטער די געזעצן פון דעם שטאַט מאַססאַטשוזעטס, און וועמעס הויפּט־

פלאץ און ביזנעס איז אין באסטאן, סאפאלק קאונטי, מאסאטשוזעטס.

נעמענדיק אין באטראכט, אז די דאזיקע ביידע סאסייעטיס ווילן זיך פאראייניקן, צוזאמענשטעלן זיך, און קאנסאלידירן זיך אין א פראטערנאל בענעפיט סאסייעטי אונטער די לאדזש סיסטעם.

זייט עס דעריבער אפגעמאכט:

1) אז דער לייבאר ליג אינקארפארייטעד גיט איבער און באַשטימט פאר דעם ארבייטער רינג זיין מעמבערשיפ, פאנדס און אלע אנדערע פארמעגנס, וועלכע ער באזיצט צו דעם טאג, אדער וועלכע ער וועט פארמאגן צווישן דעם טאג און די צייט ווען די דאזיקע פאראייניגונג וועט גוטגעהייסן ווערן פון דעם אינשורענס קאמישאנער פון מאסאטשוזעטס, און דעם סופּעריגטענדענט פון אינשורענס אין דעם סטייט ניו־יארק.

2) דאס דער ארבייטער רינג נעמט איבער די מעמבערשיפ, די פאנדס און אלע אנדערע פארמעגנס, וועלכע דער אויבענדערמאנטער לייבאר ליג אינקארפארייטעד פארמאגט צו דעם טאג, אדער וועט פארמאגן צווישן דעם טאג און די צייט ווען די דאזיקע פאראייניגונג וועט גוטגעהייסן ווערן פון דעם אינשורענס קאמישאנער פון מאסאַטשוזעטס, און דעם סופּעריגטענדענט פון אינשורענס פון ניו־יארק.

3) דאס די מיטגלידער פון דעם לייבאר ליג אינקארפארייטעד, וועלכע וועלן אויף אזא אופן אריינגענומען ווערן אין דעם ארבייטער רינג, זאלן האבן אלע רעכטן און פריווילעגיעס, און זיין בארעכטיגט צו אלע בענעפיטן און אונטערווארפן אונטער אלע רולס און רעגולײשנס, ווי פארגעשריבן און אנטהאלטן אין דער קאנסטיטוציע פון א. ר.; און אז זיי זאלן צאלן אין דעם ארבייטער רינג זייערע צאָלונגען צו דעם טויטן־פאנד לויט דעם עלטער ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין דעם לייבאר ליג אינק.

4) דאס די מיטגלידערשאפט פון דעם לייבאר ליג אינקארפארייטעד, וועלכע ווערט אויף אזא אופן אריינגענומען אין דעם ארבייטער רינג, זאל קריגן פון דעם ארבייטער רינג מעמבערשיפ סערטיפיקייטס, אנשטאט די סערטיפיקייטס, וועלכע זיי האבן היינט, וואס איז צו זיי ארויסגעגעבן געווארן פון לייבאר ליג אינקארפארייטעד.

5) אז אלע מיטגלידער פון לייבאר ליג אינקארפארייטעד, וועלכע זיינען אין דער זעלבער צייט אויך מיטגלידער פון דעם ארבייטער רינג, זאלן קריגן אין דעם ארבייטער רינג אן אינשורענס, וועלכע זאל באטרעפן די גאנצע סומע, פאר וועלכע זיי זיינען פארזיכערט אין די ביידע סאסייעטיס, סיידן די אינדיווידועלע פערזאנען זיינען ווילּיק אפצוזאגן זיך פון איינע פון די טויטן־בענעפיטס, צו וועלכע זייערע בענעפישיארים וואלטן געווען בארעכטיגט א דאנק דער דאזיקער קאמבינירונג פון די ביידע ארגאניזאציעס.

6) דאס ווען אט די פאראייניגונג וועט גוטגעהייסן ווערן פון די העכסטע רעגירענדע קערפערשאפט פון יעדער פון די ביידע סאסייעטיס, און ווען די דאזיקע פאראייניגונג און טראנספער וועט אויך גוטגעהייסן ווערן פון דעם אינשורענס קאמישאנער פון מאסאטשוזעטס און דעם סופעריגטענדענט פון דעם סטייט פון ניו־יארק, אין איינקלאנג מיט די געזעצן פון די ביידע סטייטס, זאל אלע רעכטן, טייטלס, און אינטערעסט פון און צו אלע פאנדס, פון וועלכן ניט איז כאַראקטער, און פון אלע אנדערע פארמעגנס פון דעם לייבאר ליג אינקארפארייטעד, ווערן און פארוואנדלען זיך אין א טייל און אייגענטום פון דעם ארבייטער רינג. און דער ארבייטער רינג איז אויך פארשטאנען דערמיט איבערצונעמען און אויסצוצאלן אלע שולדן און חובות פון וועלכע ניט איז כאראקטער עס זאל ניט זיין פון דעם אויבענדערמאנטן לייבאר ליג אינקארפארייטעד.

פר. באסקין דערקלערט, אז דער דאזיקער אגרימענט איז גוטגעהייסן געווארן פון די אינשורענס קאמישאנערס פון מאסאטשוזעטס און ניו־יארק. די וואליואיישן פון ביידע ארדנס זיינען אריבער די געפאדערטע סומען. דעם ארבייטער רינגס וואליואיישן איז 105 פראצענט, און דעם לייבאר ליגס וואליואיישן איז 109 פראצענט.

דורכקוקנדיק דעם אגרימענט און דעבאטירנדיק יעדן פונקט דאפיר און דאגעגן, רעקאמענדירט די קאמיטע, אז דער דאזיקער אגרימענט זאל גוטגעהייסן ווערן פון דער קאנווענשן, און די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע זאל אינסטרואירט ווערן דורכצופירן דעם אגרימענט אזוי שנעל ווי די אויטאריטיס פון ביידע סטייטס וועלן דעם זעלבן אונטערשרייבן.

די רעקאמענדיישן פון דער קאמיטע ווערט איינשטימיק אנגענומען מיט שטורמדיקע אפלאדיסמענטן.

פר. וואלאס באריכטעט ווייטער פאר דער רעזאלוציאנס קאמיטע. די קאמיטע האט אויפגענומען די פראגע וועגן דעם וויפיל עס זאל זיין די סומע, וואס זאל געצאלט ווערן צו די דעלעגאטן פאר זייער צייט־פארלוסט פון דער קאנווענשן. זיי רעקאמענדירן, אז עס זאל געצאלט ווערן צוועלף דאלאר א טאג פאר די זיבן טעג פון דער קאנווענשן. די דעלעגאטן, וועלכע האבן געדארפט קומען פון ווייט, זיינען אויך בארעכטיגט צו צייט־פארלוסט פאר די טעג פון זייער רייזע הין און צוריק, א חוץ די רייזע־קאסטן.

דער באריכט ווערט איינשטימיק גוטגעהייסן.

פ. פיינערמאן באריכטעט דאן פון דער ארבעט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע:

איך האף, אז די קאנווענשן וועט מיר שענקן די נויטיקע אויפמערקזאמקייט צו באריכטן וועגן דער ארבעט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון לעצטן יאר. די ארבעט פון דער קאמיטע קען איינגעטיילט ווערן אין דריי אפטיילונגען:

1) פארלאג־טעטיגקייט,
2) די אלגעמיינע עדיוקיישאנאל ארבעט פאר׳ן ארבייטער־רינג,
3) די פארוואלטונג פון די ארבייטער־רינג שולן.

איך וועל זיך אפשטעלן אויף יעדער אפטיילונג באזונדער און איבערגעבן וואס די קאמיטע האט געטאן אויף דעם אדער יענעם געביט.

פארלאג־טעטיגקייט — דער ארבייטער רינג גיט יעדן יאר ארויס א געוויסע צאל ביכער. אין 1919, איידער מיר האבן איבערגענומען די פארוואלטונג, איז באשטעלט געווארן פון דער פריערדיקער קאמיטע זיבן ביכער, און אויף אונז איז אויסגעפאלן דער גורל די דאזיקע זיבן ביכער ארויסצוגעבן. די ביכער אנטהאלטן נויינצן הונדערט זייטן. דאס איז מער וויפיל דער ארבייטער רינג האט ארויסגעגעבן זינט ער האט אנגעהויבן צו ארבעטן אויף דעם געביט. מיר האבן אויך באשטעלט נייע ביכער, וועלכע די קומענדע עדיוקיישאנאל קאמיטע וועט דארפן ארויסגעבן. די ביכער זיינען ווי פאלגט: די פאגראמען אין אוקראינע", פון פראפעסאר חפץ; „ביאלאגיע", פון א. ש. זאקס; „אנטאלאגיע פון רעוואלוציאנערע לידער", פון ניגער; „בארימטע פרויען", פון אסתר לוריע; פערטער באנד „פּסיכאלאגיע", פון דר. מעריסאן; און „פילאזאפיע", פון דר. זשיטלאווסקי.

אין דער הינזיכט פון ביכער האבן מיר געמאכט א שריט פארווערטס, און עס איז וויכטיק איר זאל זיך באקענען ווי אזוי די ארבייטער רינג ביכער זיינען ביז איצט ארויסגעגעבן געווארן, און וואס מיר האבן אויפגעטאן. א טייל פון די ביכער, וואס דער ארבייטער רינג האט פריער ארויסגעגעבן, האבן געטראגן א צופעליקן כאראקטער. מען איז געקומען צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, פארגעלייגט דעם אדער יענעם בוך, די קאמיטע האט אים באטראכט, און באשלאסן אויב זי זאל אים קויפן אדער ניט. מאנכע דענקן, אז אויך אין דער פראגע פון ארויסגעבן ביכער האט געשפילט א ראלע ווער עס איז געווען אין דער עדיוקיישאנאל קאמיטע; ד. ה. אין אנדערע ווערטער, אז צייטנווייז האט די קאמיטע ארויסגעגעבן א געוויסן בוך, ווייל א געוויסער מיטגליד האט געוואלט ער זאל ארויסגעגעבן ווערן. איין זאך איז אבער באשטימט: א געוויסער טייל פון אונזערע ביכער זיינען געווען צופעליקע אויסגאבן. עס איז ניט געווען קיין פראגראם וואס מיר ווילן האבן. אונזער קאמיטע האט געדענקט, אז אין דער פראגע פון ארויסגעבן ביכער דארף מען אויסארבעטן א געוויסן פראגראם, וועלכע ביכער מיר דארפן און קאנען ארויסגעבן. מיר האבן איינגעלאדן די בעסטע אידישע שרייבער פון ניו־יארק פאר א בעראטונג, וועלכע ביכער וואלט ראטזאם געווען פאר׳ן ארבייטער רינג ארויסצוגעבן דורך די קומענדע יארן. ממשות׳דיקע זאכן האבן ניט געקענט באשלאסן ווערן. מען האט ניט געקענט אויסארבעטן קיין פראגראם פאר צען יאר. עס איז אבער געלייגט געווארן א גרונדשטיין, אנגעצייכנט א ליניע, נאך וועלכער די צוקונפטיקע עדיוקיישאנאל קאמיטעס וועלן דארפן גיין.

אזוי ווי עס איז ניט אומבאדינגט נויטיק, אז אין דער סאַניטאריום קאמיטע זאלן אלע זיין דאקטוירים, און אין דער בענעפיט קאמיטע זאלן אלע זיין דאקטוירים, און אין דער אפיס קאמיטע זאלן זיין בלויז בוכקיפערס — אזוי איז אויך ניט נויטיק, אז אין דער עדיוקיישאנאל קאמיטע זאלן בלויז זיין ליטעראטן. ווען די קאמיטעס דארפן זיך בעראטן וועגן געוויסע פאר זיי אומבאקאנטע פראגן, לאדן זיי איין עקספערטן. אונזער קאמיטע האט דארום געוואלט צוזאמענשטעלן אן עדיוקיישאנאל בארד, כדי זיך מיט איר צו בעראטן איבער פארשידענע עדיוקיישאנאל פראגן. דער ווילן פון דער קאמיטע איז געווען זעהר א גוטער. אבער לוידער איז ביי דער ערשטער פארזאמלונג פון די אויסגעקליבענע צו צוזאמענשטעלן אזא קאמיטע מער ווי איינער ניט געקומען. דאס איז זיכער ניט אונזער שולד. דער איינציקער, וואס איז געקומען, איז געווען דר. קאפעלסאן.

אונזער קאמיטע האט אויך געגעבן אינפארמאציע פאר ביבליאטעקן, אנצייגענדיק זיי געוויסע ביכער, וואו מען קען זיי געפינען, און וויפיל זיי דארפן קאסטן. מיר האבן געהאלפן אין דער ארבעט פון ארגאניזירן ביבליאטעקן. מיר האבן אויך פארשפרייט ביכער, וועלכע זיינען צו אונז אנגעקומען פון פארשידענע שטעט פון אייראפע.

דאס איז געווען די ערשטע אפטיילונג פון אונזער ארבעט, אויפ׳ן געביט פון ארויסגעבן ביכער.

און איצט וועגן אונזער מאנאטלאכן זשורנאל, דער „פריינד".

וועגן דער ליטערארישער זייט פון „פריינד" וועל איך ניט רעדן.

װעגן דעם װעט דער רעדאַקטער, גענאָסע בײלין, באַריכטן. איך װײס זעהר גוט, אַז אַ גרױסע צאָל דעלעגאַטן װעלן אינטערפּעלירן — און זײ האָבן אַ פולשטענדיק רעכט דערצו — פאַרװאָס מען האָט דעם „פרײנד" ניט באַקומען. װײל איך פאַרכאַפּן דעם װעג און ענטפערן אין פאָרױס. איך װיל איר זאָלט זיך באַקענען מיט דער לאַגע פון דעם „פרײנד" און אונטער װאָס פאַר אומשטענדן ער איז אַרױסגעגעבן געװאָרן.

מיר האָבן בײ דער לעצטער קאָנװענשן פאַרלאַנגט אַ העכערונג אין טעקס פאַר'ן „פרײנד". די קאָנװענשן האָט עס באַװיליגט, און דער רעפערענדום האָט דאָס לײדער דורכגעװאָרפן. איר װײסט געװיס װי טײער פּאַפּיר האָט געקאָסט לעצטן יאָר. װען דער „פרײנד" האָט אָנגעהױבן צו דערשײנען, האָבן מיר געצאָלט דרײ און פיר סענט אַ פונט פּאַפּיר, לעצטן יאָר האָבן מיר געצאָלט אַכטצען סענט אַ פונט. אױסער דעם איז דער דרוק און זאַץ געהעכערט געװאָרן פון 150 ביז 500 דאָלאַר אַ נומער. אַלץ צוזאַמען זײנען די קאָסטן פאַרגרעסערט געװאָרן אױף 300 פּראָצענט. דערצו איז צוגעקומען נאָך אײן קלײניגקײט: אַלע עקספּעדיציעס זײנען צעטײלט אױף אַ זעהר טעכניש שװערן אופן, יעדע שטאָט באַזונדער, און אין יעדער שטאָט יעדע סטריט באַזונדער. בײ אונז אין אָפיס זײנען די אַדרעסן פון די מיטגלידער אײנגעטײלט לױט די ברענטשעס, און דאָס שטימט ניט לױט דער טעכנישער סיסטעם פון די פּאָסט־אָפיסעס, און דערפאַר קומט די עקספּעדיציע ניט אָן װי געהעריק. מיר מוזן יעדן מאָנאַט מאַכן פינף און צװאַנציג הונדערט ענדערונגען אין אַדרעסן. לעצטנס האָט דער פּאָסט־אָפיס פון ניו־יאָרק, און אױך פון אַנדערע גרױסע שטעט, פאַרלאַנגט, אַז ניט נאָר זאָלן די נומערן „פרײנד" אײנגעטײלט װערן לױט די שטעטלאַך, נאָר אױך לױט די באַזונדערע פּאָסט־אָפיסעס פון יעדער שטאָט. עס זײנען פאַראַן אַרום פיר הונדערט פּאָסט־אָפיסעס אין ניו־יאָרק. דאָס מײנט, אַז מען מוז אין ניו־יאָרק אַלײן אַרױסשיקן פיר הונדערט זעק, װײל צו יעדן פּאָסט־אָפיס מוז מען שיקן אַ באַזונדער זאַק מיט דעם נאָמען פון דעם באַטרעפנדן פּאָסט־אָפיס.

עס זײנען פאַראַן 20-30 טעריטאָריעס. װען מען אַדרעסירט אײן ברענטש פון אַ געװיסער שטאָט, דאַרף מען נאָכער צעטײלן די מיטגלידערשאַפט לױט די גאַסן, װאו זײ װאױנען. דאָס מײנט עקסטרא אַרבעט. דער „סטעף" פון „פרײנד"־דעפּאַרטמענט איז דערזעלבער װי געװען מיט אײניגע יאָר צוריק, און די אַרבעט איז אומגעהײער גרעסער געװאָרן, צוליב די אױבענדערמאָנטע אורזאַכן און אױך צוליב דעם, װאָס די מיטגלידערשאַפט פון אַרבײטער רינג פאַרגרעסערט זיך. עס פאַרשטײט זיך, אַז עס איז אוממעגלאַך פאַר דעם סטעף צו קענען אַטענדן די אַרבעט װי געהעריק. פאַרגרעסערן דעם סטעף קענען מיר אױך ניט, װײל די פאָנדן זײנען ניט גענוג צו דעקן די אױסגאַבן. דורך אַ מאַנגל אין געלט זײנען מיר געצװאונגען געװען אָפּצולײגן די רעפאָרמען, װעלכע דאַרפן געמאַכט װערן אין דער עקספּעדיציע. מיר האָבן דעם יאָר אַרױסגעגעבן בלױז אַכט נומערן „פרײנד". װי איר װײסט, װערן קײן פולע צװעלף נומערן קײנמאָל ניט אַרױסגעגעבן. דורכשניטלאַך װערן אַרױסגעגעבן צען נומערן יעדן יאָר. װען איר, פרײנדע דעלעגאַטן, זײט אומצופרידן מיט דער עקספּעדיציע פון „פרײנד", װײסן מיר, אַז איר זײט גערעכט. אָבער באַשולדיקט אונז ניט אין דעם, װײל איר האָט אונז די מעגלאַכקײט ניט געגעבן אײך צופרידן צו שטעלן. נאָך מער, אױב איר װעט דעם יאָר די מעגליכקײט ניט געבן, װעט קומענדן יאָר זײן נאָך ערגער װי לעצטן יאָר. עס איז ניטאָ קײן צײט זאָגאַר צו בײטן די אַדרעסן פון געשטראָכענע מיטגלידער און מאַכן אַדרעסן פאַר נײע, און דערפאַר קריגן געשטראָכענע מיטגלידער יאָ דעם „פרײנד" איז דער צײט װאָס די נײע און אַ סך אַלטע מיטגלידער קריגן אים ניט. אַ גרעסערער טעקס פאַר דעם דאָזיקן פאָנד װאָלט אָט די אַלע איבלען אָפּגעשאַפט.

חוץ דער אױסגאַבע פון „פרײנד" האָבן מיר אױך, לױט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנװענשן, אין מאָנאַט יאַנואַר פון דעם יאָר אָנגעפאַנגען אַרױסצוגעבן דעם קינדער־זשורנאַל „קינדערלאַנד". ביז איצט זײנען שױן דערשינען פיר נומערן. עס איז בײ דער לעצטער קאָנװענשן פאַרשטאַנען געװאָרן אַרױסצוגעבן אַ קינדער־זשורנאַל, װעלכער זאָל געמענעדזשט װערן אַזױ, אַז ער זאָל ניט האָבן קײן דעפיציט. די עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע האָט זיך מיט דעם גערעכנט. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז אום צו קענען זיך פאַרלאָזן אױף אַן אײננאַמע פון סובסקריפּשנס דאַרף נעמען צײט. עס נעמט אױך צײט ביז מיטגלידער אָדער עלטערן פון קינדער באַקענען זיך מיט דער עקזיסטענץ פון זשורנאַל. דאָס אַלץ קאָסט געלט. דערפאַר האָבן מיר אין אָנפאַנג פון אַרױסגעבן דעם זשורנאַל געמאַכט אַ געװיסן דעפיציט. אָבער לױט אַלע אױסזיכטן װעט דער זשורנאַל זיך אַלײן באַצאָלן.

און איצט װעגן לעקציעס און קורסן. יעדן יאָר באַקלאָגן זיך דעלעגאַטן, מערסטנס די קאַנטרי־דעלעגאַטן, װאָס מען האָט זײ ניט געשיקט קײן לעקטאָרס. איבערהױפּט באַקלאָגן זיך דערױף די װײטע שטעט און שטעטלאַך. מיר האָבן דעם יאָר אונטערגענומען אַ לעקטשור־טור, װאָס האָט ניט קײן גלײכן צו זיך זינט דער אַרבײטער רינג איז אַקטיװ אױפ'ן פעלד פון בילדונג. מיר האָבן אַראַנזשירט אַ טור מיט גענאָסע ראַטמאַנען, סאָציאַליסטישער אַלדערמאַן פון װאָרשעװער שטאָט־ראַט, װעלכער האָט באַזוכט פאַר אונז זעכציג שטעט, אײנשליסנדיק אױך קענעדע. אַלע בריף, װאָס מיר האָבן דערהאַלטן פון די שטעט, װאו ער איז געװען, זײנען זעהר באַגײסטערטע. מיר האָבן צו דעם דאָזיקן טור צוגעלײגט טױזענט דאָלאַר, אָבער מיר דענקן, אַז עס איז װערט די געלט, װײל עס איז צום ערשטן מאָל, װאָס דער אַרבײטער רינג האָט באַװיזן צו שיקן אַ לעקטשורער, װאָס זאָל קענען באַזוכן אַזױ פיל שטעטלאַך אין אַלע געגענטן פון אַמעריקע. דער דעפיציט װאָלט זיכער געװען אַ קלענערער, װען די ברענטשעס װאָלטן געװען אַביסל פּינקטלאַכער, װײל אַ סך ברענטשעס זײנען זעהר אומפּינקטלאַך אין זײער אַרבעט. די סעקרעטאַרן זײנען אָפט נאַכלעסיק אין ענטפערן די בריף.

מיר האָבן אױך געהאַט אַ קורצן טור אין די פּאַוט מיט ש. ניגער. מיר האָבן זײן טור אַראַנזשירט אַזױ, אַז אַלע ברענטשעס האָבן אים געהאַט אין װעלכער צײט זײ האָבן געװאָלט. מיר האָבן צושטײער געגעבן אַרום פופצן דאָלאַר פאַר די קאָסטן פון יעדער לעקטשור. מיר האָבן אױך אַראַנזשירט עטלאַכע צענדליק לעקטשורס אין דער איסט. אױף דעם געביט האָט אױך די קאָמיטע געטאָן דאָס בעסטע, װאָס ס'איז געװען מעגלאַך, מיט די פינאַנציעלע מיטלען װאָס זי האָט געהאַט. װאָלטן מיר געהאַט אַ גרױסן בודזשעט, װאָלטן מיר געקענט טאָן מער אַרבעט.

מיר האָבן אױך געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס אין ניו־יאָרק. מיר זײנען געװען פאַרבונדן מיט דער לײבאָר עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע, אָבװאָל מיר האָבן זעהר װײניק צו זאָגן װעגן דעם ערפאָלג פון דער אַרבעט.

די אַרבעט אין ניו־יאָרק גופא איז געטאָן געװאָרן פון דער סיטי עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע אין דער שטאָט. די עקזיסטירענדע קונסט־אינסטיטוציעס זײנען װי פאָלגט: צװײ אָרקעסטערס אין ניו־יאָרק, אַ כאָר, און אַ מוזיק־שול. עס זײנען אױך צוגעקומען מערערע אָרקעסטרעס אין אַנדערע שטעט, װעלכע מיר האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן און געשטיצט אין דער אַרבעט.

און איצט גײ איך איבער צו דער דריטער אָפּטײלונג, װעלכע אונזער קאָמיטע באַטראַכט פאַר דאָס װיכטיגסטע — די אַרבײטער רינג שולן, װעגן װעלכע פילע װאַרטן מיט אומגעדולד צו הערן.

מיר האָבן הײנט צו טאָג זיבן און פערציג שולן, מיט אַן ערך פון פיר טױזענט קינדער — װעלכע לערנען אין זײ. מיר האָבן זיבעציג לערער, פון װעלכע דרײצען זײנען מוזיק־לערער. דער דורכשניטלאַכער באַזוך פון די קינדער אין די שולן איז צװישן אַכציג און נײנציג פּראָצענט. די צאָל פון פאַמיליעס, װאָס שיקן זײערע קינדער אין די שולן, איז אַרום פינף און צװאַנציג הונדערט. עס זײנען אױך דאָ 40 קינדער־קלובן. דער בודזשעט פאַר די שולן איז אַרום אַכצען טױזענט דאָלאַר אַ מאָנאַט, אָדער אַרום צװײ הונדערט טױזענט דאָלאַר אַ יאָר. די שולן װערן אױסגעהאַלטן טײלװײז פון די שכר־לימוד, װאָס די עלטערן צאָלן, טײלװײז פון דער אונטערשטיצונג פון דער עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע, און דאָס איבעריקע פון די טעקסעס אױף מיטגלידער פון ברענטשעס און אונטערנעמונגען אין די שטעט, אין װעלכע די שולן געפינען זיך.

אונזערע שולן דינען אַלס קולטור־צענטערס. פרעגט בײ די דעלעגאַטן פון באַלטימאָר, פילאַדעלפיע און אַנדערע שטעט, װעלכע האָבן שולן, אױב עס איז ניט אַ פאַקט, אַז אַרום יעדער שולע װערט קאָנצענטרירט די בילדונגס־טעטיגקײט פון די אַרבײטער רינג מיטגלידער אין די באַטרעפנדע שטעט. אין מאַנכע שטעט זײנען אָרגאַניזירט ספּעציעלע קולטור־צענטרען אַרום די שולן, אָבער אין אַנדערע, װאו אַזעלכע זײנען ניטאָ, זײנען דאָס די שולן ממילא, אױף אַ קלענערן אָדער גרעסערן מאַסשטאַב. די שולן האָבן אַרײנגעבראַכט אַ נײ לעבן אין די ברענטשעס פון אַרבײטער רינג.

מיר זײנען באַקאַנט מיט דער אַרבעט פון אונזערע שולן איבער'ן לאַנד און מיר װײסן װאָס אונזערע שולן זײנען. איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זײן דער פאַרטרעטער פון דער עדיוקײשאָנאַל קאָמיטע בײם לעצטן צוזאַמענפאָר פון די שולן אין קליװלאַנד פאַריגע װאָך, און זיך באַקענען מיט די לערער און טוער פון אונזערע שולן איבער'ן לאַנד, דעבאַטירן מיט זײ איבער פאַרשידענע פראַגן אין פאַרבינדונג מיט די שולן. איך האָב געהערט געװיסע רעפעראַטן װעגן פראַגן, װי אַזױ און װאָס מען דאַרף לערנען אין די שולן, מיט אײער דערלױבניש װעל איך נעמען אַ פּאָר מינוטן און פאַרלײענען אַן אױסצוג פון אַ רעפעראַט, װאָס איז געהאַלטן געװאָרן פון יעקב לעװין װעגן דער דערציהונגס־פראַגע אין די אַרבײטער־רינג שולן, כדי אײך צו געבן אַ מעגלאַכקײט זיך צו באַקענען מיט די צילן און אױפגאַבן פון אונזערע שולן.

## אױסצוג פון רעפעראַט פון יעקב לעװין

אין דער הינזיכט פון עטישער און געזעלשאַפטלאַכער אַנטװיקלונג, קומט אונז אױס ניט נאָר דערגענצן די פּאַבליק סקול, נאָר אױך פאַרריכטן אירע פעלערן, אױסצואָװאָרצלען װאָס זי װאָרצלט אײן. מ'דאַרף צוגעװאױנען די קינדער צו אַכטן דעם צװײטנס רעכט און צו האַלטן זיך אין געזעלשאַפט אַזױ, אום עס זאָל ניט שטערן די אַנדערע, סײ בנוגע רעדן, סײ בנוגע לעזן, סײ בנוגע אַמוזירן זיך. מ'דאַרף אײנפּעסטיקן בײ די קינדער די העכערע געזעלשאַפטלאַכע אנשױאונגען װעגן גלײכהײט פון מענטשן; װעגן אומערלאַכקײט פון

גנבה, ניט בלויז אין דער געוויינלאכער פארם פון צונעמען עפעס פון א פרעמדנס קעשענע אדער הויז, נאר אויך פון עקספלוטאציע, ספעקולאציע און שאכער־מאכער. וועגן אומערלאכקייט אדער פארברעכערישקייט פון גזלה, ניט בלויז פון דער'הרג'ענען א מענשן אויפ'ן ברייטן וועג, נאר אויך פון מלחמה, נקמה, פון געריכט, פון עלעקטרישן שטול, איינפלאנצן אין די קינדער א שטרעבונג צו פריוויהייט, צו באפרייען זיך פון יעדע קייטן, וואס איין טייל פון געזעלשאפט האט ארויפגעלייגט אויף דער גאנצער געזעלשאפט, און אן אכטונג צו די, וואס האבן געקעמפט פאר פרייהייט, און באזונדער, וואס זיינען געשטארבן פאר פרייהייט. איינפלאנצן אין זיי דעם אידעאליזם, די איבערגעבנהייט און טרייהייט צו אידעאלן און די אכטונג פאר די, וואס קענען ליידן פאר זייערע אידעאלן. איינפלאנצן א מיטגעפיל צו ליידנדע און אונטערדריקטע, און די גרייטקייט צו העלפן זיי. צוגעוואוינען זיי ניט צו שטיין רואיק און צוזען ווי מען הרג'עט אדער מ'שלאגט א צווייטן, ווי מען בארויבט אדער ווי מען בא'גנב'עט איינעם. איינפלאנצן אין די קינדער א ריכטיקע פארשטעלונג וועגן דער באדייטונג פון ארבעט אין דעם אויפהאלטן פון מענשלאכן לעבן, א ליבע צום ארבעטנדן קלאס, און די בארייטקייט צו פארבינדן זייער גורל מיט דעם גורל פון דעם ארבעטער־קלאס. שאפן ביי די קינדער א ריכטיקע פארשטעלונג וועגן פאטריאטיזם, ליבע צום פאלק, ליבע צום לאנד, צו אמעריקאניזאציע, א. ד. ג.

זאגט מען אונז: דאס איז דאך סאציאליזם אין דער שולע! יא, מיינע פריינד, סאציאליזם, ווייל ווען מיר וועלן אויף די אלע פראגן ניט געבן קיין ענטפער, וועלן די קינדער באקומען אן ענטפער אויף זיי ערגעץ אנדערשוואו, אבער אן ענטפער, וועלכער איז גאר ניט ווינשנסווערט. ווען איר וועט קינסטלאך זען אפהאלטן די קינדער פון פרעגן און אינטערעסירן זיך, וועט איר דערמיט אונטערדריקן זייער פסיכיק, זייערע פעאיגקייטן, זייער אינטעלעקט. וועט איר יא געבן אן ענטפער, איז אדער איר וועט זיי דערקלערן אלס פון דעם שטאנדפונקט פון דער איצטיקער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, אדער איר וועט דערקלערן פון דעם שטאנדפונקט פון א העכערער געזעלשאפט, ארויסגייענדיק פון די אינטערעסן פון די ארבעטער, און דעמאלט מוזט איר קומען צום סאציאליזם. אומפארטייאישקייט היינט צו טאג הייסט שטיין פאר'ן קאפיטאליזם, ווייל דער סטאטוס קווא איז די איצטיקע קאפיטאליסטישע געזעלשאפט. מען דארף זיין קאנסעקווענט און אקטיוו, אז ניט, וועט מען אייך אלע מאל אריבערשלעפן צו אייערע שונאים.

ווי איר זעט, האבן מיר זיך ניט פארנומען מיט אזעלכע פראגן: צי מען דארף זאגן „בולבעס“ אנשטאט „פאטייטאס“, אדער „בילעטען“ אנשטאט „טיקעטס“, נאר מיר האבן זיך פארנומען מיט די וויכטיקע פראבלעמען וועגן דער דערציהונג פון אונזער יונגן אידישן דור.

די לעצטע קאנווענשן האט אנגענומען א דעקלאראציע וועגן עדיוקיישן און באאויפטראגט דער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו זען, אז די דאזיקע דעקלאראציע זאל דורכגעפירט ווערן אין די שולן. מיין אויפגאבע אלס פארטרעטער פון דער קאמיטע איז צו דערקלערן, אויף ווי ווייט די דאזיקע פרינציפן זיינען דורכגעפירט געווארן, ווייל מיר זיינען פאר דער ארבעט פאראנטווארטלאך. און אלס פארשטייער פון דער קאמיטע, איז מיין פליכט אייך צו באריכטן, אז די פראגראם ווערט דורכגעפירט אין די שולן. אלע די יעניגע, וואס האבן ניט געהאט די מעגליכקייט צו באזוכן די שולן, מוזן זיך שאפן א באגריף פון די האנדלונגען פון די קינדער פון דער שולע און דאן שאפן זיך א בילד אויב אין אונזערע שולן ווערט איינגעפלאנצט דער ריכטיקער גייסט. עס וואלט גענומען צופיל צייט פארצוברענגען דעם גאנצן מאטעריאל, וואס איך האב מיט זיך, צו באווייזן ווי אזוי אונזער פראגראם ווערט דורכגעפירט. איך וויל אייך דא פארלעזן אן אויסצוג פון א באגריסונג, וואס איז אנגעקומען פון די קינדער פון א שיקאגאר ארבייטער רינג שול צו דער קאנווענשן:

„. . . מיר, די קינדער פון דעם „דעבס איינגקלאך“ קלוב, שיקן אייך אונזער באזונדערע באגריסונג. פאר די צוויי יאר, וואס מיר לערנען זיך אין דער ארבייטער רינג שול, האבן מיר זיך אויסגעלערנט אפצושאצן די אידעען, פאר וועלכע אונזערע עלטערן האבן אין דער אלטער היים און אויך צום טייל דא אין אמעריקע געקעמפט און פיל קרבנות אוועקגעגעבן; מיר האבן אנגעהויבן צו פארשטיין וואס פאר א פלאץ מיר וועלן דארפן פארנעמען, ווען מיר וועלן אונזערע „סקולס“ פארלאזן. און מיר האפן, ליבע חברים, אין דער נאענטער צוקונפט פארצוזעצן די ארבעט, פאר וועלכע דער, וועמעס נאמען אונזער קלוב טראגט, און א סך אנדערע זיינס גלייכן, זיינען אין די פריזנס פארשפארט. מיר גלויבן, אז דאס, חברים, וועט זיין די בעסטע באלוינונג פאר אייער שווערער ארבעט. זייט געגריסט!“

דער דאזיקער בריף, און אירגענד וועלכער אנדערער בריף, דערציילונג אדער באגריסונג, וואס ווערט געדרוקט אין נאמען פון דעם אדער יענעם קינד, רירט זיך די פען פון קיין לערער דערצו ניט צו. עס איז איינע פון די טראדיציעס פון די שולן צו אנטוויקלען די קינדער אזוי, אז זיי זאלן אליין אויסדריקן זייערע געדאנקען.

ווילט איר זיך באקאנען מיט דעם גייסט פון א קינד? — זעט וואס ער דענקט און טראכט. לייענט איבער א מעשה'לע, וואס א קינד פון איינע פון די שולן האט אנגעשריבן און וואס איז געווען געדרוקט אין דעם קינדער־זשורנאל, דער „נייער דור“, ארויסגעגעבן פון דעם הארלעמער קינדער־קלוב. עס ווערט דארט דערציילט ווי א פאטער פאר זיין טויט האט צוגערופן זיין קינד און אים איבערגעגעבן, אז זיין פריצייטיקער טויט איז א רעזולטאט פון שווערער ארבעט פאר יענעם; פון מאכן יענעם רייך און אליין דערפון גאר ניט צו האבן. איך באטראכט ניט די דערציילונג פון ליטעראַרישן שטאנדפונקט — וויכטיק איז דער גייסט, דער סענטימענט, דאס געפיל פון דעם קינד. אין דער קינדערשער אפטיילונג פון „קינדערלאנד“ וועט איר געפינען די זעלבע געפילן. א קינד אין א פאבליק סקול וועט ניט שרייבן מיט אזא געפיל און מיט דעם זעלבן אינהאלט ווי א קינד פון אונזערע שולן. דאס באווייזט, אז אונזער דערציהונג פון די קינדער איז אזא, וואס מוז זיי פריער אדער שפעטער פירן צו דעם סאציאליסטישן אידעאל. צו די דאזיקע שלוסן מוזט איר קומען, ווען איר פירט געשפרעכן מיט די קינדער פון אונזערע שולן.

עס איז אונזער פליכט אייך צו זאגן, אז די באהויפטונגען, וואס ווערן געמאכט וועגן אונזערע שולן אין מאנכע קרייזן, זיינען ניט קיין אמת'ע. איך וויל אייך זאגן וואס ס'איז אמת: אמת איז, אז דאס, וואס אין מאנכע פון אונזערע שולן, אין א קליינעם טייל פון זיי, האבן מיר ניט אזעלכע לערער, וועלכע מיר וואלטן געוואלט האבן, און מיר האבן זיי ניט דערפאר, ווייל מיר האבן ניט קיין מעגלאכקייט געהאט אזעלכע לערער אויסצובילדן. און אויב די דאזיקע שולן וועלן פארנאכלעסיקט ווערן און איבערגעלאזט ווערן צו זייער אייגענעם שיקזאל, וועט מעגלאך פון זיי ווערן אזא שול, ווי די נאציאנאלע שולן זיינען; אבער דערויף שטייט דער ארבייטער רינג אויף דער וואך און ער וועט שוין געפינען וועגן און מיטלען ווי אזוי פאסנדע לערער אויסצובילדן. דער ארבייטער רינג האט זיין וועג אויסגעטראטן, ווייסט וואו ער גייט, און ווייסט וואס ער וויל, און עס מאכט ניט אוים ווער אין דער עדיוקיישאנאל קאמיטע עס וועט זיין, די פארוואלטער האבן נאך קיינמאל ניט געענדערט דעם פרינציפ פון דעם ארבייטער רינג, מאכט ניט אוים ווער עס איז אין דער פארוואלטונג געווען.

עס איז דער וואונש אין האפנונג פון דער קאמיטע, אז די קאנווענשן וועט געפינען א וועג צו געבן א מעגלאכקייט די צוקונפטיקער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו קענען אויסבילדן אידישע סאציאליסטישע לערער, — לערער, וועלכע זאלן פארשטיין אונזער גייסט און וויסן וואס מיר ווילן און דערווארטן פון אונזערע שולן. בלויז דעמאלס וועלן אונזערע שולן זיין הונדערט פראצענט דאס, וואס זיי דארפן זיין.

מיין באריכט וועט ניט זיין קיין פולשטענדיקער, אויב איך וועל ניט זאגן א פאר ווערטער וועגן דעם קאמפיין, וואס מען האט דורכגעפירט צווישן די קינדער פאר די אידישע שולן אין פוילן. מיר האבן ארויסגעשיקט אן אפיל צו אלע אונזערע שולן צו מאכן א זאמלונג פאר די אידישע קינדער־שולן אין פוילן, און מיט פארגעניגן קען איך מעלדן, אז עס איז געקרוינט געווארן מיט דעם גרעסטן ערפאלג, וואס מיר האבן געקענט דערווארטן. עס איז געשאפן געווארן פיר טויזענט פינף הונדערט דאלאר פון די קינדער אליין, פאר וועלכע דער גרעסטער דאנק קומט שיקאגא, וועלכע האט געזאמלט צוויי טויזענט דאלאר.

עס פירט זיך שוין, אז ווען עמיצער גיט אפ א באריכט, דאנקט ער פאר דער ערע, א. א. וו. איך וועל עס ניט טאן. איך וויל בלויז זאגן, אז יעדער מיטגליד פון אונזער קאמיטע, ווי יעדערער פון די אנדערע קאמיטעס פון ארבייטער רינג, האט געטאן די ארבעט מיט צופרידנהייט און מיט פארגעניגן אוועקגעגעבן אונזער צייט און מי. איר, דעלעגאטן, וועלכע דארפן באריכטן צו אייערע ברענטשעס, גיט זיי איבער א גרוס אין נאמען פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, אז זיי זאלן ניט מורא האבן פאר קיין שאוועניזם אין אונזערע שולן. עס איז דא א וואכענדע אויג, וואס היט זיי אפ, אז זיי זאלן זיין סאציאליסטישע שולן.

פאלגענדע אינטערפעלאציעס ווערן געשטעלט צום באריכט־אפגעבער:

באק, ניו־יארק: אויב די אומשטענדן זיינען געווען אזוי שלעכט און פאפיר האט געקאסט אזוי טייער, ווארום האט מען ניט געקענט ארויסנעמען די וויסנשאפטלאכע ארטיקלען פון „פריינד“ און יענע געלט באנוצן צו פארבעסערן די עקספעדיציע פון „פריינד“?

שאפקאוויטש, שיקאגא: וויל וויסן אויב די פעדעראציע האט בייגעשטייערט צו די אויסגאבן פון ראטמאנס טור?

יעלין, ניו־יארק: (1) צי האט מען שוין אויפגעמאנט די דריי הונדערט דאלאר, וואס א געוויסער שרייבער האט געקראגן אין פאראויס און ניט געפארן אויף דעם טור, אויף וועלכן ער איז באשטימט געווען צו פארן? (2) ווארום האט די ניו־יארקער עדיוקיישאנאל קאמיטע אויסגעגעבן אזוי פיל געלט, ווערנד פאר דער קאנטרי איז אויסגעגעבן געווארן בלויז ניין הונדערט דאלאר? איז דאס א פראפארציאנעלע צעטיילונג פון די געלט? (3) ווארום האט די קאמיטע פארנאכלעסיקט צו זען, אז עס

זאָלן פאַרקויפט ווערן מער קאָפּיעס פון די ביכער, וואָס זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן? ווייל פון אומאָפיציעלע קוועלן האָט ער אויסגעפונען, אַז מער ווי טויזענט סעטס זיינען ניט פאַרקויפט געוואָרן.

גילמאַן, נוארק: וויפיל איז דער פּראָצענט ארבייטער רינג מיטגלידער, וואָס לעזן דעם „פריינד"? מיר געבן אויס טויזענטער דאָלאַרס, ווארום זאָלן מיר ניט וויסן צי עס איז אָנגעלייגט? דער פאַקט, אַז מיטגלידער בייטן זייערע וואוינונגען און גיבן ניט אָן זייער נייעם אדרעס אין פּאָסט־אָפיס, ווייזט, אַז זיי אינטערעסירן זיך ניט מיט דעם „פריינד".

שאַר, שיקאַגאָ: ווי קומט עס, אַז ער, וועלכער האָט זיין אדרעס ניט געביטן, קריגט דאָך ניט דעם „פריינד"? דערקלערט אויך, אַז די שולן פון שיקאַגאָ זיינען מער נאַציאָנאַליסטיש ווי סאָציאַליסטיש. זיי היטן אָפּ די נאַציאָנאַלע ימים־טובים, ווי חנוכה, און אַז וו.

כייקין, פילאַדעלפיע, און פייגין, שיקאַגאָ, באַקלאָגן זיך ביידע, וואָס זיי דערהאַלטן ניט דעם „פריינד".

רובין, האָדסן קאונטי: (1) וויפיל מיטגלידער פון ארבייטער רינג האָבן געקויפט און געלעזן די ביכער, וואָס זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן לעצטן יאָר? (2) אויב די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט ניט געהאַט קיין געלט ארויסצושיקן דעם „פריינד", ווארום האָט זי אָנגעהויבן די ארבעט פון ארויסגעבן אַ נייעם זשורנאַל, דאָס „קינדערלאַנד"? (3) ווארום האָט פריינד פיינערמאַן פאַרשוויגן דעם פאַקט, וואָס געוויסע ברענטשעס האָבן זיך צוריקגעצויגן ניט זייענדיק איינשטימיק מיט די ארבעטער רינג שולן?

ליטמאַן, מינעסאָטע: ער האָט איבערגעקוקט אין גענעראַל־אָפיס אַלע אדרעסן פון זיין ברענטש און אויסגעפונען, אַז אַלע זיינען ריכטיק, דאָך קריגן ניט די מיטגלידער דעם „פריינד". ווארום זאָגט ניט די קאָמיטע די ריכטיקע אורזאַכן, פאַרוואָס דער „פריינד" קומט ניט אָן?

בערלינסקי, באַלטימאָר: באַקלאָגט זיך, אַז מען קען מיט דעם אָפיס ניט צוזאַמענרעדן זיך. אויב מען האָט שוין יאָ אראַנזשירט אַ לעקטשור, האָט מען פאַר דעם זעלבן אָוונט אויך אראַנזשירט אַ לעקטשור אין פילאַדעלפיע, און נאָכדעם ווי דער ברענטש האָט געמאַכט אַלע פאַרבאַרייטונגען, איז דער לעקטשורער אוועקגעפאָרן קיין פילאַדעלפיע, און זיי זיינען געבליבן דיסאַפּאָינטעד.

גאַלינסקי, ניו־יאָרק: ווי וועט אַ געוויסער בוך, וועמעס שרייבער עס האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, קענען ארויסגעגעבן ווערן? ערשטע פּרוף דאַרף דאָך געלעזן ווערן פון דעם אויטאָר אַליין? פרעגט אויך, אויב די מיטגלידער פון דער קאָמיטע, וועלכע האָבן צוגעשיקט זייערע ארטיקלען צום „פריינד", האָבן געקראָגן באַצאָלט פאַר זייער ארבעט, און צי די מיטגלידער באַזוכן די מיטינגען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע?

זלאַטקין, קענעדע: פאַרוואָס גיט די קאָמיטע ניט ארויס ביכער איבער ארבעטער־פראַגן, וועלכע וואָלטן פיל־מער אינטערעסירט די מיטגלידער, ווי די ביכער, וואָס ווערן ארויסגעגעבן?

ריישיס, שיקאַגאָ: פאַרוואָס האָט ניט די קאָמיטע ארויסגעגעבן אַ בוך וועגן דער אידישער געשיכטע, און אויך אַ טעקסט־בוך פון לידער, כדי לערער זאָלן אַליין ניט לערנען די לידער לויט יעדן לערערס געשמאַק?

דייווידאָוו, ניו־יאָרק: ווארום זיינען די טאַבעלן אין „פריינד" ארויסגעקומען אַזוי שלעכט? און צי קען דאָס פּילייכט פאַרריכט ווערן?

פר. פיינערמאַן ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס:

די פראַגע, צי וויסנשאַפטלאַכע ארטיקלען זיינען וויכטיק, איז אַ פראַגע פון מיינונגס־פאַרשידענהייט. מאַנכע דענקען, אַז די וויסנשאַפטלאַכע ארטיקלען זיינען וויכטיק, און אַנדערע זיינען געגען דעם. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז גראָד געווען מיט דער מיינונג, אַז זיי זיינען יאָ וויכטיק. מען האָט זיך באַמיט צו געבן אין „פריינד" אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס זאָל צופרידנשטעלן אַלע קלאַסן לעזער, כדי יעדערער זאָל געפינען וואָס ער זוכט, און מערער לעזער זאָלן זיך מיט'ן „פריינד" אינטערעסירן.

וועגן דער עקספּעדיציע פון „פריינד", האָב איך שוין געענטפערט, אַז עס איז ניטאָ גענוג פאָנדן, און אַז די טעכנישע שוועריגקייטן האָבן פאַראורזאַכט די שלעכטע עקספּעדיציע. מאַנכעס מאָל איז עס אויך געווען די שולד פון דעם לעטער־קעריער. אין פּעטערסאָן, צום ביישפּיל, האָט מען אויסגעפונען, אַז אַ געוויסער לעטער־קעריער האָט אריינגעוואָרפן אַלע „פריינדס" אין אַ קעלער, אנשטאָט זיי פאַנאַנדערטיילן. אַמאָל פּאַסירט, אַז אין דער טענעמענט־הויז נעמט אָן אַנדערער ארויס אַ נומער „פריינד", וועלכער באַלאַנגט ניט צו אים. פאַר דעם איז די קאָמיטע ניט פאַראַנטוואָרטלאַך.

דער טור מיט ראַטמאַנען איז אראַנזשירט געוואָרן פון דעם א. ר. צוזאַמען מיט דער פעדעראַציע, און די פעדעראַציע האָט דעם דעפיציט ניט געדעקט, ווייל מיר האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל פאָרן אין די ווייטע שטעט און פון דאָרט קומט דער גאַנצער דעפיציט.

די מעשה וועגן דעם שרייבער, וועלכע פר. יעלין באַרירט, איז ניט געווען אונטער דער אדמיניסטראַציע פון דער קאָמיטע.

אויף דער פראַגע, צי זיינען די שולן ניט קיין לאַסט פאַר די ברענטשעס, ענטפערט פריינד פיינערמאַן, אַז נאַטירלאַך איז דאָס, ווי יעדע אַנדערע אינסטיטוציע, אַ לאַסט אויף די ברענטשעס, אָבער די ברענטשעס זיינען מער ווי צופרידן, אַז די דאָזיקע שולן זאָלן עקזיסטירן. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע ברענטשעס, וועלכע טעקסן זיך זאָגאַר אום אויפצוהאַלטן די שולן, און זיינען צופרידן דעם לאַסט אויף זיך צו טראָגן. דאָס, וואָס אַ טייל מיטגלידער זיינען ניט צופרידן, איז אויך נאַטירלאַך — דאָס גיט צו לעבעדיגקייט צו די ברענטשעס, און צייגט, אַז מיר זיינען ניט קיין טויטע אָרגאַניזאַציע.

וועגן די ביכער, ענטפערט פריינד פיינערמאַן, אַז 7000 ביכער זיינען פאַרקויפט געוואָרן, ניט קוקנדיק אויף די אומגינסטיקע אומשטענדן, אין וועלכע די מערסטע ארבעטער לעבן איצט.

וועגן די גדולים, וועלכע באַזוכן ניט די מיטינגען, דענקט פר. פיינערמאַן, אַז דאָס איז ניט זיין שולד. זאָל מען אויסקלייבן פּראַקטישע מענשן, וועלכע זאָלן טאָן די ארבעט, און ניט פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער קאָמיטע. אויף דער פראַגע, וויפיל מיטגלידער עס לעזן דעם „פריינד", איז אַ זאַך וואָס איז אוממעגלאַך פאַר אירגענד וועמען צו ענטפערן. אויף דער פראַגע, וויפיל קינדער עס באַזוכן די שולן, ענטפערט פר. פיינערמאַן, אַז אַרום 24 הונדערט קינדער באַזוכן די שולן. ער דערקלערט, אַז דער פאָנד פון „פריינד" האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דעם „קינדערלאַנד". דער „פריינד" איז אַ באַזונדערער פאָנד, און דאָס „קינדערלאַנד" ווערט אויסגעהאַלטן פון דעם שולן־פאָנד. די פראַגע, ווארום איז קיין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרן אין דער אַלגעמיינער פּרעסע וועגן דער עדיוקיישאָנאַל ארבעט, ענטפערט ער, אַז ס'איז ווירקלאַך אַ טרויעריקע לאַגע. די קאַנווענשן דאַרף דערצו נעמען אַ געוויסע שטעלונג. די מיטגלידער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָבן געטאָן אַלעס מעגלאַכעס, אום צו געבן פּובליסיטי וועגן זייער טעטיגקייט, ליידער האָט אָבער די פּרעסע עס אינגאַנצן פאַרשוויגן. ער ברענגט אַ געוויסן פאַקט, ווען דער רעדאַקטער פון אונזער אָפיציעלער פּרעסע האָט געאָרדערט דעם סיטי עדיטאָר קיינע נאָטיצן ניט אָנצונעמען וועגן אונזערע שולן.

וועגן דעם, צי די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַצאָלט פאַר שרייבן ארטיקלען פאַר דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, דערקלערט ער, אַז נאָר די פּראָפעסיאָנעלע שרייבער האָבן געקראָגן באַצאָלט, אָבער ניט קיין אַנדערע, און דאָס, דענקט ער, איז ניט מער ווי רעכט.

וועגן דעם, צי דאַרף מען לערנען די קינדער וועגן די פראַגן פון גנבה און עקספּלוטאַציע, און צי זיינען זיי ביי אונז פאַררעכנט אַלס דער זעלבער פאַרברעכן, איז שוין פאַרענטפערט געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד, און מיר דאַרפן צוגרייטן אונזערע קינדער אויך צו די זעלבע באַגריפן.

פר. פיינערמאַן באַריכטעט ווייטער, אַז אַ בוך וועגן אידישער געשיכטע איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן צו פאַרפערטיקן אונטער גענ. א. ליעסינס רעדאַקציע. ער האָפט, אַז די קאָמ. וועט זען צואיילן דעם שרייבער, אַז דער בוך זאָל שנעל פאַרטיק ווערן.

דאָס, וואָס מאַנכע דעלעגטן האָבן מורא, אַז מיר פאַרקריכן צופיל אין שאָוועניזם, ווייל מיר פייערן דעם יום־טוב פון חנוכה, דענקט פר. פיינערמאַן, דאָס עס שיינט, אַז די דאָזיקע פראַגע־שטעלער זיינען ניט באַקאַנט מיט'ן כאַראַקטער פון דעם יום־טוב. חנוכה איז אַ פרייהייטס־יום־טוב, און עס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט רעליגיע.

פאַר דער נעקסטער זיצונג ווערן ערוויילט פריינד ל. דינערשטיין אַלס טשערמאַן, און מ. לעווינסאָן אַלס וויים־טשערמאַן.

## אכטע זיצונג, פרייטאג, 10 א זייגער פרי

די אכטע זיצונג פון דער קאנווענשן ווערט ערעפנט פרייטאג, 10 א זייגער מארגנס, מיט פר. א. דינערשטיין אלס טשערמאן, און פר. לעווינסאן, פון דעטראיט, אלס וויס־טשערמאן.

פר. וואלאס, טשערמאן פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע, לעזט פאר פאלגענדע רעזאלוציעס:

### וועגען רענד סקול.

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז די רענד סקול לעבט יעצט דורך א קריטישע צייט. אלע פינסטערע עלעמענטן זיינען פארייניקט צו פארניכטן איר. און נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז די רעאקציע האט אויסגעקליבן די רענד סקול אלס די ערשטע צו רואינירן, און ווען דאס זאל איר געלונגען, וועלען אלע עקזיסטירנדע ראדיקאלע שולן זיין אין געפאר, דארום באשליסט די א. ר. קאנווענשן אויפצופאדערן אלע אירע ברענטשעס איבער'ן לאנד צו שטיצן די רענד סקול מאראליש און פינאנציעל.

ווערט איינשטימיק אנגענומען.

### סאוויעט רוסלאנד.

אין אנבאטראכט, אז דאס רוסישע פאלק זוכט צו לעבן אין פרידן מיט אלע פעלקער, און אז דאס רוסישע פאלק לוידט דערפון, וואס עס פעלט זיי רויע מאטעריאלן, מאשינעריע, און אנדערע נויטווענדיגקייטן, און זיינען גרייט צו האבן האנדלס־באציאונגען מיט אמעריקע,

אין אנבאטראכט, אז דאס אמעריקאנער פאלק, טראדיציאנעל און היסטאריש, האט אימער אויסגעדריקט זיינע סימפאטיען צו פעלקער, וועלכע האבן זיך באפרייט פון אויטאקראטיע, באשליסט די 21־טע קאנווענשן פון א. ר. אויפצופאדערן די רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן צו שטעלן זיך אין פריינדלאכע האנדלס־באציאונגען מיט סאוויעט רוסלאנד.

ווערט איינשטימיק אנגענומען.

ער לעזט פאר א ליסטע פון שטיצע צו פארשידענע ארגאניזאציעס און לאקאלע אינסטיטוציעס פון באסטאן, וועלכע זיי האבן באשלאסן צו שטיצן מיט סומען, ווי פאלגט:

לייבאר לייסעאום אסאסיאיישן אף באסטאן, אינק., $500.00; טשעלסי לייבאר לייסעאום, $200.00; די אינטערנעשאנאל האלל, $200.00; סענטער לייבאר ליג, $200.00; בית ישראל האספיטאל אף באסטאן, 250.00; בית יתומים, $50.00; מושב זקנים, $100.00; הכנסת אורחים, 50.00; פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן, $100.00; ניו־ענגלאנד ביורא, $200.00; ארגאנזשמענט קאמיטע,, $100.00; סטרייקנדע אייזן־ארבעטער, $100.00.

### אלגעמיינע בייסטייערונגען.

דעפענס און אמנעסטי באוועגונג, $2,500.00; ארבעטער־בונד פון פוילן, 2,000.00; שיקאגא נאציאנאלע פארטיי־הויז, $1,000.00; אידישע סאציאליסטישע פעדעראציע, $750.00; רענד סקול, $1,000.00; ניו־יארק קאל, $1,000.00; סעקרעטאריאט פון קאנווענשן, $50.00; נייע וועלט, $750.00; נאטשוראליזיישן אייד ליג, $300.00; פרייע ארבייטער שטימע, $300.00; קאאפעראטיווע פעדעראציע, $100.00; היברו אימיגראנט אייד סאסייעטי, $3000.00; לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, $1,000.00; לאס אנדזשעלעס רעליף פאר קאנסאמפטיווס, $2,000.00; דענווער סאניטאריום, $500.00; דענווער קאנסאמפטיוו רעליף, $1,000.00; קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט, $50.00; פערער סקול, $50.00.

פר. וואלאס מאכט איינינע באמערקונגען אין באצוג די $2,500.00 פאר דער אמנעסטי און דעפענס באוועגונג, אז די קאמיטע האט זיך ניט געקענט אריינלאזן אין די איינצעלהייטן, וועלכע ריכטונגען די שטיצע זאל פאנאנדערגעטיילט ווערן, ווייל, ווי מיר פירן זיך אלע יאר, ווערט דאס איבערגעלאזט פאר דער נייער עקזעקוטיוו באָרד צו פאנאנדערטיילן. מיר ווילן אבער ציען די אויפמערקזאמקייט פון דער עקזעקוטיווע צו שטיצן די קיים פון סאקא און וואנזאטי, וועלכע גייט אן אין באסטאן שוין פאר א לענגערע צייט. מיר האבן אויך געשטיצט דעם טשעלסי לייבאר לייסעאום, ווייל דאס איז איינע פון די באסטאנער אינסטיטוציעס. מיר ציען אויך די אויפמערקזאמקייט פון דער עקזעקוטיוו, אז בעפאר זיי וועלן אויסצאלן די הונדערט דאלאר צו די סטרייקנדע אייזן־ארבעטער, זאלן זיי זיך אנפרעגן ביי די פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן פון באסטאן.

פריינד וואלאס באריכטעט דאן, אז זיי האבן איין רעזאלוציע, וועלכע האט א מאיאריטעט און א מינאריטעט מיינונג; דאס איז נעמלאך, אז מיר זאלן שטיצן דעם „קאמף" און דעם „פראלעטאריער" מיט $50.00, איבער וועלכע עס פאנגט זיך אן א דעבאטע. פר. ראבערטס מאכט א פאינט אף ארדער, דערקלערנדיק, אז מיט דעם וואס מיר האבן נעכטן נידערגעשטימט צו געבן די אויבענדערמאנטע צייטונגען די אפיציעלע אנערקענונג, קען דארום יעצט קיין פראגע ניט זיין, אז מען זאל זיי שטיצן מיט געלט. דער טשערמאן אנטשיידעט דעם פאינט אף ארדער אם פלאץ. פר. גלאבערמאן אפעלירט דאן נעגען דער אנטשיידונג פון טשערמאן, דערקלערנדיק, אז ביי די פריערדיקע קאנווענשנס האט מען שוין געשטיצט געוויסע נעזעלשאפטן מיט געלט, טראץ דעם וואס מיר האבן זיי אפיציעל ניט אנערקענט. דער טשערמאן ענטפערט, אז אויב מיר האבן ווען עס איז געשטיצט געוויסע אונטערנעמונגען, איז דאס בלויז געווען צייטווייליקע אונטערנעמונגען פאר נעוויסע ביכער, וועלכע זיינען ארויסגעגעבן געווארן אויף דער אידישער גאס. די דערקלערונג פון טשערמאן ווערט נאך אן אפשטימונג גוטגעהייסן. און דערמיט גייט די גאנצע פראגע ארונטער פון טאג־ארדנונג.

אלע רעקאמענדירטע שטיצע ווערן גוטגעהייסן.

### רעפארט פון דער עלעקשן קאמיטע.

פר. סילווערמאן, פון ניו־יארק, טשערמאן פון דער עלעקשן קאמיטע, באריכטעט, אז לויט די נייע געזעצן פון אונזער קאנסטיטוציע קען די עלעקשן קאמיטע בלויז מאכן נאמינאציעס און פארשלאגן די, וועלכע האבן געקראגן די גרעסטע צאל שטימען ביים רעפערענדום, און די קאנווענשן וועט זיי דארפן נעזעצלאך ערוויילן. ער לעזט פאר די נעמען פון די פינף נאמינירטע פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע. זיי זיינען ווי פאלגט:

ל. דינערשטיין, בר. 99; י. וויינבערג, בר. 2; ר. זאלצמאן, בר. 286; ב. לעוויטאן, בר. 96; י. ראבערטס, בר. 291.

א פארשלאג ווערט געמאכט, אז די 5 זאלן דערקלערט ווערן איינשטימיק ערוויילט. דער פארשלאג ווערט אנגענומען.

פאר דער גריוועַנס קאמיטע שלאגן זיי פאר די פאלגענדע פריינד:

מ. העסקעל, בר. 49; ר. בלאק, בר. 99; וו. בערמאן, בר. 233; ב. גילמאן, בר. 23; און ב. קראפקא, בר. 235.

אויך די דאזיקע 5 ווערן איינשטימיק ערוויילט פון דער קאנווענשן.

פאר דער סאניטאריום קאמיטע שלאגן זיי פאר: ר. נוסקין, בר. 206; ל. ראטמאן, בר. 195; מ. י. אשפיז, בר. 410; ס. וואלבערג, בר. 82; ר. נעכאמקין, בר. 500.

פארשלאג ווערט געמאכט און ווערט אנגענומען, אז די 5 מיטגלידער זאלן דערקלערט ווערן ערוויילט.

פאר דער בענעפיט קאמיטע רעקאמענדירן זיי: ס. יאקאבי, בר. 93; ל. ביילין, בר. 99; מ. ס. מאלאט, בר. 13; מ. פרידמאן, בר. 28; נ. סאפערמאן, בר. 2.

די דאזיקע 5 ווערן איינשטימיק ערוויילט פון דער קאנווענשן.

זיי שלאגן דאן פאר פאלגענדע מיטגלידער אלס די אפיס קאמיטע: מ. י. ראזענבלאט, בר. 539; נ. פריימאן, בר. 39; י. ראטמאן, בר. 49; נ. ליטאווער, בר. 386; מ. אייבראמס, בר. 34.

אויך די דאזיקע ווערן איינשטימיק ערוויילט ביי דער קאנווענשן.

פאר דער עדיוקיישאנאל קאמיטע שלאגן זיי פאר פאלגענדע מיטגלידער: ב. האפמאן, בר. 275; א. ליעסין, בר. 75; ה. בורגין, בר. 49; ה. לאנג, בר. 64; מ. גורעוויטש, בר. 33.

זיי ווערן איינשטימיק ערוויילט פון דער קאנווענשן.

פריינד סילווערמאן גיט אויך איבער די צאל שטימען פון אלע, וועלכע זיינען געלאפן אויפ'ן רעפערענדום באלאט: צאל באלאטס, וואס זיינען אריינגעקומען אין אפיס, איז געווען 191, פון וועלכע 183 זיינען געציילט געווארן. 2 באלאטס זיינען געווען אומאפיציעלע, אן די זיגלען פון די ברענטשעס, און 4 באלאטס, וועלכע די צאל שטימען איז ניט געווען קלאר אנגעגעבן. ער לעזט אויך פאר די צאל אפגעגעבענע שטימען פון אלע קאנדידאטן.

רעזולטאטן פון דער רעפערענדום אפשטימונג פאר מיטגלידער צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פאר דעם יאר 1921 און 1922.

1. אַרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע:

ל. דינערשטיין, בר. 99, 4317 שטימען; י. וויינבערג, בר. 2, 4013; ר. זאַלצמאַן, בר. 286, 3538; ב. לעוויטאַן, בר. 96, 3061; י. ראָבערטס, בר. 291, 2911; ב. קרינסקי, בר. 231, 2829; ד. אשינסקי, בר. 4, 2324; א. בריק, בר. 288, 894; מ. סילווערמאַן, בר. 11, 445; ס. דרעזינסקי, בר. 79, 336.

2. גריוועגס קאָמיטע:

מ. העפּקעל, בר. 49, 3282 שטימען; ר. בלאַק, בר. 99, 3315; וו. הערמאַן, בר. 233, 3204; ב. גילמאַן, בר. 23, 2815; ב. קראַפּקאַ, בר. 235, 2666; וו. אייבערעמסאַן, בר. 216, 2050; א. וויינבערג, בר. 185, 1220; ל. זינגערמאַן, בר. 215, 1196; טש. סאַקיראַנסקי, בר. 20, 783; מ. פּילטינגאָף, בר. 351, 584.

3. סאַניטאַריום קאָמיטע:

ר. גוסקין, בר. 206, 4810 שטימען; ל. ראָטמאַן, בר. 195, 3758; מ. י. אשפּיז, בר. 410, 3654; מ. וואָלבערג, בר. 82, 2695; ר. נעכאַמקין, בר. 500, 2535; מ. שפּינראַד, בר. 235, 2264; מ. דייווידאָוו, בר. 2, 1761; ב. צוקערמאַן, בר. 316, 1574; י. קלופּט, בר. 150, 1550; ב. פּרישוואַסער, בר. 49, 1507.

4. בענעפיט קאָמיטע:

ס. יאַקאָבי, בר. 93, 3317 שטימען; ל. ביילין, בר. 99, 2577; מ. ס. מאָלאַט, בר. 183, 2438; מ. פרידמאַן, בר. 28, 2305; נ. סאַפּירמאַן, בר. 2, 1892; ס. פּינקעלשטיין, בר. 386, 1660; מ. גאָלדאָווסקי, בר. 64, 1610; א. פּיקוס, בר. 205, 1455; י. מאַנקין, בר. 147, 1231; ל. בראַון, בר. 59, 1026.

5. אָפּיס קאָמיטע:

י. מ. ראָזענבלאַט, בר. 539, 3395 שטימען; נ. פריימאַן, בר. 39, 3224; י. ראָטמאַן, בר. 49, 3007; נ. ליטאַוער, בר. 386, 2906; מ. אייבערעמס, בר. 43, 2790; א. מאַדעל, בר. 225, 2057; ח. פעלדמאַן, בר. 149, 2029; י. ל. גערטלער, בר. 324, 1468; ח. גאָלדין, בר. 1, 1368; ב. גאָרדאָן, בר. 283, 515.

6. עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע:

ב. האָפמאַן, בר. 275, 5057 שטימען; א. ליעסין, בר. 75, 4941; ח. בורגין, בר. 49, 4853; ה. לאַנג, בר. 64, 4036; מ. גורעוויטש, בר. 33, 2820; י. לעווין, בר. 96, 2764; ס. בערנשטיין, בר. 149, 2653; נ. כאַנין, בר. 99, 1732; ד. שקלאַר, בר. 367, 743; ד. אַלבערט, בר. 50, 543.

דער באַריכט ווערט גוטגעהייסן.

פר. לעוויטאַן, פון דער האָום־אָפּיס קאָמיטע, גיט אָפּ זיין באַריכט. ער זאָגט:

בעת אַלע אַנדערע קאָמיטעס זיינען אין אַ לאַגע, אַז זיי וויסן זייערע אויפגאַבן, האָבן פּאַרטיקע בודזשעטן, מיט אויסגעאַרבעטע טראַדיציעס, האָבן מיר אַזעלכעס ניט געהאַט. מען האָט געבראַכט לעצטן יאָר צו דער קאָנווענשן אין נואַרק אַ פּלאַן וועגן אַן אייגענער היים פאַר'ן אַרבייטער רינג, און אויך אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער, און מען האָט אונז ערוויילט צו שטודירן די פראַגע און ברענגען אַהער צו אַ באַריכט. מיר האָבן זיך אינסטאַלירט אין יוני, און מיר האָבן ניט געקענט צוטרעטן צו דער אַרבעט צוליב אַ וואַקאַנס, וואָס מיר האָבן געהאַט אין דער קאָמיטע. אַזוי ווי די עקזעקוטיווע מיטעט איין מאָל אין מאָנאַט, האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן צוויי מאָנאַטן, ווייל ביים ערשטן מיטינג האָבן זיי געמאַכט נאָמינאַציעס, און ביים צווייטן מיטינג האָבן זיי ערשט געקאָנט ערוויילן. אָבער ביז זיי האָבן אין־אַ מאָנאַט אַרום געמיטעט, און צוגעצויגן אַן אַנדערן אויסצופילן דעם פּלאַץ, האָט אַ צווייטער מיטגליד פון דער קאָמיטע רעזיגנירט, און אַזוי האָט זיך די אַרבעט פאַרצויגן אַרום 5 מאָנאַטן, ביז מיר האָבן געהאַט אונזער פולע קאָמיטע און מיר זיינען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. די צוויי, וועלכע האָבן רעזיגנירט, זיינען געווען די פריינד וואָלאָס און קופערמאַן. אויף זייער פּלאַץ זיינען ערוויילט געוואָרן די פריינד אַשפּיז און פּאָדניק.

מיר האָבן זיך דאַן גענומען ערנסט צו דער אַרבעט, און מיר האָבן אויסגעפאָרשט און געקראָגן אינפאָרמאַציעס ביי פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון דעם כאַראַקטער, ווי צום ביישפּיל, „די דאָטערס אָף דזשייקאָב“. נאָך זייער דערקלערונג, האָט זיי געקאָסט אַן ערך פון 1 מיליאָן דאָלאַר אויף אויפצובויען אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער, לויט די לעצטע מאָדערנע איינריכטונגען. די קאָסטן פון אויפהאַלטן די אַלטע איז אַרום $2.00 אַ טאָג פּער פּערזאָן. איר פאַרשטייט, פריינדע, אַז דאָס איז ניט אַזאַ לייכטע זאַך דורכצופירן.

מיר גלויבן דעריבער, אַז אַט די פראַגע דאַרף איבערגעגעבן ווערן צו דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע זאָל מאַכן אַ גענויע אונטערזוכונג און רעקאָמענדירן ווי אַזוי צו שאַפן אַ געוויסן פאָנד דורך אַ טעקס אויף אונזער מיטגלידערשאַפט, אַזוי דאָס אין 10 יאָר אַרום זאָלן מיר זיין אימשטאַנד אַזעלכע הייזער צו בויען. ווייל אַן אַלד איידזש האָום וועט ניט נאָר דאַרפן געבויט ווערן אין ניו־יאָרק אָדער אַרום ניו־יאָרק. עס וועלן דאַרפן געשאַפן ווערן אַזעלכע אינסטיטוציעס איבער'ן גאַנצן לאַנד, אַז אונזער אַלטע מיטגלידער זאָלן ניט אַפּגעריסן ווערן פון זייערע פריינד און משפּחה. אונזער קאָנווענשן מוז זיך ערנסט אַריינטראַכטן אין אַט דער פראַגע, ווייל עס איז זיכער, אַז מיר וועלן אין 10 יאָר אַרום האָבן אַ גרויסע צאָל מיטגלידער, וועלכע וועלן ניט זיין בכח צו אַרבעטן אין שאַפּ, און אום זיי זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו פילאַנטראָפּישע בעלי־צדקות, מוזן מיר פאַר זיי שאַפן אַן אינסטיטוציע, וועלכע וועט זיין זייערע אַן אייגענע, און זיי וועלן דאָרטן קענען אָפּלעבן זייערע אַלטע יאָרן.

מאיר לאָנדאָן קומט אונטערדעסן אין האַל, און ער קריגט אַ גרויסע אָוואַציע, וועלכע האַלט אָן אַ היבשע צייט. דאַן זעצט פאָר פריינד לעוויטאַן זיין רעפּאָרט, און באַריכטעט וועגן דער פראַגע פון אַ האָום־אָפּיס. ער זאָגט:

עס איז יעצט ביי קיינעם קיין ספק ניט, אַז דער אָפּיס, ווי ער איז יעצט, איז ווייט צו קליין און ענג זאָגאַר פאַר דער רוטינער אַרבעט. אונזער אָרגאַניזאַציע איז מעכטיק אויסגעוואַקסן און די געשעפטן און פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס מוזן פיל פאַרגרעסערט ווערן. מיר צאָלן 4000 דאָלאַר רענט פאַר דעם פּלאַץ, וואָס מיר האַלטן יעצט, אונטער אַ ליס, ווען מיר וואָלטן אָבער געדאַרפט יעצט דינגען דעם פּלאַץ, וואָלט עס אונז געקאָסט אַרום $7,000.00, און אַזוי ווי מיר צווייפלען ניט, אַז מען דאַרף אַמווייניקסטן האָבן נאָך אַזאַ פּלאַץ אויף צו קענען אָנגיין מיט דער אַרבעט, הייסט עס, אַז מיר וועלן דאַרפן צאָלן אַ רענט פון אַן ערך פון 12 ביז 15 טויזענט דאָלאַר אַ יאָר, און ערשט דאַן וועלן אונזערע קאָמיטעען ניט האָבן וואו צו מיטן, ספּעציעל די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע. דער אַרבייטער רינג איז דאָך ניט בלויז אַן אינשורענס אָרדן, מיר גיבן אויס טויזענטער דאָלאַרס אויף בילדן אונזערע מיטגלידער און זיי גייסטיק אַנטוויקלען. מיר האָבן יעצט זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע צו אַנטוויקלען די קינדער פון אונזערע מיטגלידער, אין דעם גייסט פון סאָציאַליזם, און פאַר אַזאַ דעפּאַרטמענט פון עדיוקיישן פאָדערט זיך אַ סך פּלאַץ אָנצופירן די אַרבעט. מיר מוזן אויך האָבן אַ גרויסן אודיטאָריום, וואו עס זאָל אונגעשטערט קאָנען געזאָגט ווערן אַ פריי וואָרט צו די גרויסע מאַסן. די ערפאַרונג, וועלכע מיר האָבן יעצט, איז זעהר ניט קיין אַנגענעמע, ווייל ווען מיר גיין ערגעץ דינגען אַ האַל, מוזן מיר פאַרויס פאַרשרייבן, אַז דאָרט וועלן חלילה קיין רעוואָלוציאָנערע רעדעס ניט געהאַלטן ווערן. מיר דאַרפן אויך פאַר דער וועלט צייגן, אַז מיר זיינען אַ מעכטיקע, גרויסע אָרגאַניזאַציע. די קלענסטע באַלעבאַטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אייגענע האָום־אָפּיסעס, און עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן אויך האָבן אַ פּאַסיקע היים פאַר זיך.

מיר האָבן אויך אַן אייגענעם אָרקעסטער פון אַ. ר. מיטגלידער, אַ כאָר און דראַמאַטישע קלובן, וועלכע צאָלן רענט פאַר אַנדערע האַלס, און ווען מיר זאָלן אַזאַ אודיטאָריום האָבן, וואָלטן מיר זיך געקענט דערמיט באַנוצן. מיר שטיצן דאָך מיט גרויסע סומען פרעמדע אָרגאַניזאַציעס, וואָרום ניט שטיצן אונזערע אייגענע?

מיר האָבן זיך באַראָטן מיט פריינד דרייזשפּיעל, אַלס אינזשעניער, און די פריינד שאַפּיראָ, בר. 2, און פרענק, בר. 28, און מיט אַן אַרכיטעקט. אין אָנפאַנג האָבן זיי געדענקט, אַז אַזאַ בילדינג וועט אַריינשלעפּן אין זעהר גרויסע אויסגאַבן, אָבער איצט, ווען די בוי־מאַטעריאַל איז אַביסל געפאַלן, איז דאָ אַ האָפנונג, אַז מען זאָל דאָס קענען בויען פאַר אַ מעסיקן פּרייז.

מיר רעקאָמענדירן דערפאַר, אַז אַ טעקס פון 10 סענט אַ קוואַרטל זאָל באַשטימט ווערן פאַר צוויי און אַ האַלב יאָר, וואָס וועט אַריינברענגען אַ פאָנד פון הונדערט טויזענט דאָלאַר, וועלכע וועט אונז געבן אַ מעגלאַכקייט אַזאַ הויז אויפצובויען. מיר מיינען אונטער קיינע אומשטענדן ניט צו בויען אַ לייבאָר לייסעאום פאַר די ניו־יאָרקער ברענטשעס, ווי מאַנכע דעלעגאַטן ווילן דאָס אויסטייטשן, ווייל אויב ניו־יאָרקער ברענטשעס וועלן וועלן אַ לייבאָר לייסעאום, וועלן זיי דאַרפן שאַפן אַ נייטיקע סומע דערפאַר. ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן, ספּעציעל צו די קאַנטרי דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן העלפן בויען אַזאַ שיינע, פּאַסיקע געביידע, אַז מיטגלידער, וואָס קומען צו פאָרן אין ניו־יאָרק, זאָלן קענען צוריקקומען אין זייערע שטעט און דערציילן די וואונדערלאַכע היים, וועלכע אונזער אַלעמנס באַליבטער אָרדן פאַרמאָגט. ער רעקאָמענדירט אין נאָמען פון דער קאָמיטע אַרויפצולייגן אַ טעקס פון 10 סענט אַ קוואַרטל אויף די נעקסטע 10 קוואַרטאַלן און שאַפן אַ סומע פון $100,000.00, אַלס פונדאַמענט פאַר דער אויפבויאונג פון אַזאַ אינסטיטוציע.

פר. יעלין און אַנדערע דעלעגאַטן פרעגן, וואָרום שלאָגט

די קאָמיטע ניט פאַר אַ באַשטימטן טעקס פאַר אַן אַלד אייִדזש האָום?

פר. בענענסאָן, פון שיקאַגאָ, פרעגט: וויפיל האָבן די ניו־יאָרקער ברענטשעס געשטיצט די לייבאָר לייסעאומס איבער׳ן לאַנד, און אויך ווי אַזוי וועלן די קינדער פון אַנדערע געגענטן קענען קומען לערנען אין אַרבייטער רינג הויפּט־אָפּיס?

בעצאַהלער, פון ניו יאָרק, פרעגט: וויפיל וועט קאָסטן אויסצוהאַלטן אַזאַ געביידע אין ניו־יאָרק?

ליטמאַן, פון מינעסאָטאַ, פרעגט: וואָרום מישט מען צוזאַמען די פראַגע פון אַ לייבאָר לייסעאום מיט אַ האָום־אָפּיס?

לעווין, פון ברוקלין, פרעגט: אויב עס וועט שוין געלונגען צו שאַפן 100 טויזענט דאָלאַר דורך אַן אַלגעמיינעם טעקס, וועט אָבער די קאָמיטע קריגן די אַנדערע 100 טויזענט דאָלאַר פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס?

גרינבערג, סיראַקיוז, זאָגט, אַז ווען זיי האָבן געבויט זייער לייבאָר לייסעאום, האָבן זיי זאָגאַר ניט געקענט קריגן ניט נאָר קיין שטיצע, נאָר אַפילו אַ רעדנער.

מאַנדעל, ניו־יאָרק: צי האָט די קאָמיטע זיך אַריינגעטראַכט וועגן בויען אַ האָום־אָפּיס אָן אַודיטאָריומס און אָן לייברערים?

פריינד לעוויטאַן ענטפערט, אַז אַלע פראַגן, וועלכע זיינען דאָ געשטעלט געוואָרן, האָבן זיך מערסטנס באַצויגן וועגן דער פראַגע פון לייבאָר לייסעאומס.

איך וויל קלאָר מאַכן פאַר די דעלעגאַטן נאָך אַמאָל, אַז אונטער קיינע אומשטענדן האָט אונזער קאָמיטע ניט באַשטימט צו בויען אַ לייבאָר לייסעאום פאַר ניו־יאָרקער ברענטשעס. מיר זיינען ערווײלט געוואָרן ביי דער לעצטער קאָנווענשן צו שאַפן אַ האָום־אָפּיס פאַר דעם אַרבייטער רינג. אויב מיר פאַרלאַנגען, אַז אין דעם אָפּיס־בילדינג זאָל אויך זיין אַ גרויסער אַודיטאָריום, רעקאָמענדירן מיר דאָך דערפאַר אויך, אַז ניו־יאָרק זאָל שאַפן דערויף עקסטרא 100 טויזענט דאָלאַר.

די פראַגע פון פר. יעלין און אַנדערע דעלעגאַטן, וואָרום מיר האָבן ניט אַריינגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע פאַר אַ טעקס פאַר אַן אַלד אייִדזש האָום? איז אונזער ענטפער, אַז די פראַגע מוז פריער פאָר־זיכטיק אויסגעפאָרשט ווערן, ווייל, ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז דאָס אַן אונטערנעמונג, וועלכע דאַרף קאָסטן אַרום אַ מיליאָן דאָלאַר, און מוז איבערגעגעבן ווערן צו דער עקזעקוטיווע פאַר אַ גרינדלאַכער אויספאָרשונג, און דאַן וועט אַזאַ טעקס קענען באַשטימט ווערן. די פראַגע, וויפיל אַ האָום־אָפּיס וועט אונז קאָסטן אויפצוהאַלטן, איז אוממעגלאַך פאָרויס צו זען — דאָס איז אַ פראַגע פון דער צוקונפט. די ערפאַרונג, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט׳ן סאַניטאַריום, האָט אונז קלאָר באַוויזן, אַז מען קאָן ניט פאָרויסזאָגן וויפיל עס דאַרף קאָסטן אַזאַ האָום־אָפּיס אויפצוהאַלטן. פאָרויסזאָגונגען זיינען, ווי עס צייגט זיך, קיינמאָל ניט ריכטיק.

פר. פעלדמאַן, סעקרעטאַר פון דער בענעפיט קאָמיטע גיט אָפּ זיין באַריכט פאַר דער קאָמיטע. ער זאָגט, אַז עס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ סך רעזאָלוציעס וועגן בענעפיט. מערסטנס זיינען דאָס געווען פאַר העכערן די קראַנקן־בענעפיט, און זיי האָבן אויך געהאַט קאָנקרעטע רעקאָמענדאַציעס, אַז מען זאָל העכערן דעם קראַנקן־בענעפיט פון 6 ביז 9 דאָלאַר אַ וואָך. זיין קאָמיטע האָט זיך געאייניקט אויף 2 רעקאָמענדאַציעס, וועלכע ער לייגט פאָר: ערשטנס, אַז דער קראַנקן־בענעפיט זאָל געהעכערט ווערן פון 6 אויף 8 דאָלאַר אַ וואָך, אָנפאַנגענדיק גלייך פון דער ערשטער וואָך, און דעם צווייטן יאָר זאָל מען צאָלן אַנשטאָט 3 דאָלאַר, 6 דאָלאַר פאַר 15 וואָכן צייט, אַזוי ווי ביז יעצט. די אַסעסמענטס זאָלן געהעכערט ווערן פון 90 סענט אַ קוואָרטאַל אויף $1.05 אַ קוואָרטאַל, דאָס איז אַ העכערונג פון 15 סענט אַ קוואָרטאַל, און אויב עס וועט זיך אַרויסצייגן, אַז די דאָזיקע סומע איז ניט גענוג, זאָל דער דעפיציט געדעקט ווערן פון דעם סורפּלוס, וועלכען מיר האָבן יעצט אין דעם בענעפיט פאָנד.

די צווייטע רעקאָמענדאַציע פון דער בענעפיט קאָמיטע, איינצופירן קלאַסן קראַנקן־בענעפיט, האָבן מיר צוריקגעוויזן דערפאַר, ווייל מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז דאָס וועט פאַרשאַפן זעהר פיל שוועריגקייטן צו די ברענטש־סעקרעטאַרן, און וועט אויך פאַרגרעסערן די אַרבעט פון דעם גענעראַל־אָפּיס. עס קען אויך קומען צו אַזאַ צושטאַנד, וואו די מיטגלידער, וועלכע צאָלן פאַר אַן 8־דאָלאַרדיקן קלאַס, זאָלן דאַרפן דעקן אַ דעפיציט אין קראַנקן־בענעפיט פאָנד, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם 15־דאָלאַרדיקן קלאַס, און דאָס וואָלט ניט געווען יושר׳דיק.

פר. באַסקין וואָרנט די קאָנווענשן, אַז בעפאָר מיר גיין אָננעמען אַ באַשלוס צו העכערן די קראַנקן־בענעפיט, מוז מען אויסרעכענען וויפיל עס זאָל זיין די העכערונג פון די אַסעסמענטס פאַר דעם סיק־בענעפיט פאָנד, ווייל לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע, אַז די העכערונג זאָל בלויז זיין 15 סענט, וועט אויסקומען, אַז מיר וועלן צאָלן פאַר אַ דאָלאַר און ציען בענעפיט ווי פאַר צוויי דאָלאַר, און דאָס וועט שטעלן דעם בענעפיט פאָנד אין געפאַר.

עס טוט מיר לייד, וואָס איך האָב ניט געקענט זיין ביי דער קאָמיטע, ווען זיי האָבן געמיטעט וועגן דער דאָזיקער פרגע, איך האָב אָבער זיי צוגעשטעלט טאַבעלן פון אונזער עקטשוערי, וועלכע באַווייזן, אַז העכערן די קראַנקן־בענעפיט ביז צו 8 דאָלאַר און די צאָלונגען בלויז אויף 15 סענט, וועט זיין אַ געפאַר פאַר דעם פאָנד.

גענאָסע מאיר לאָנדאָן דענקט, אַז בעפאָר מיר מאַכן אירגענד וועלכע ענדערונגען אין די צאָלונגען פון די קראַנקן־בענעפיט, מוזן מיר זעהר פאָרזיכטיק באַטראַכטן די פאָלגן דערפון. קראַנקן־בענעפיטס זיינען איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען פאַר אַן אינשורענס אָרדן, און מען מוז זיך דערמיט רעכענען. ער רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל ערשט שטודירן די רעפּאָרטס פון די עקטשוערים, איידער מען שטימט איבער דער דאָזיקער פראַגע.

דורך דעם וואַרימען אינטערעס, וואָס די דאָזיקע פראַגע רופט אַרויס ביי די דעלעגאַטן, ווערט באַשלאָסן די פראַגע צו שטימען ביי אַ ראָל־קאָל פון אַלע דעלעגאַטן. דער טשערמאַן מאַכט אויך אויפמערקזאַם, אַז אין דער פראַגע וועט זיך פאָדערן צוויי־דריטל שטימען אויף אָנצונעמען די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע. דער ראָל־קאָל ווערט גערופן און דער רעזולטאַט איז, אַז 98 שטימען ווערן געגעבן פאַר דער רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע און 43 געגן. דערמיט ווערט די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע אָנגענומען.

די בענעפיט קאָמיטע רעקאָמענדירט אויך צו שטיצן די פאַרשידענע האָספּיטאַלס מיט 5,000 דאָלאַר. די צעטיילונג זאָל איבערגעגעבן ווערן צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. די דאָזיקע רעקאָמענדאַציעס ווערן איינשטימיק אָנגענומען.

פר. בענענסאָן, פון שיקאַגאָ, ווערט ערווײלט אַלס טשערמאַן פון דער נעקסטער זיצונג, און פר. גאָלדרינג, פון ניו־יאָרק, אַלס וויים־טשערמאַן. דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסן.

## ניינטע זיצונג, פרייטאָג, 8 אַ זייגער נאָכמיטאָג

די ניינטע זיצונג ווערט ערעפנט מיט פריינד בענעסאָן פון שיקאַגאָ, אַלס טשערמאַן, און מ. גאָלדרינג, ניו־יאָרק, אַלס וויים־טשערמאַן.

פר. וואָלאַס לעזט פאַר די ווייטערע רעזאָלוציעס פון זיין קאָמיטע:

### רעזאָלוציע וועגן פאַראייניגונג.

אין אַנבאַטראַכט, אַז יעצט זיינען אַלע שוועריגקייטן באַזייטיגט געוואָרן דורך דעם אַרבייטער רינגס געזעצלאַכקייט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, און עס זיינען ניטאָ קיין אורזאַכן צו האָבן צוויי אַרבייטער רינגס אין אַמעריקע, וועלכע אונטערשיידן זיך ניט אין זייערע גרונד־פּרינציפּן, נאָר צעשפּליטערן בלויז די קרעפטן און פאַרשאַפן אַ ברודער־קאַמף; און

אין אַנבאַטראַכט, אַז אין די אינטערעסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג מוזן אַלע קרעפטן אָנגעווענדט ווערן צו זיין פאַראייניקט געגן אונזער אַלגעמיינעם שונא,

באַשליסט די 21־טע קאָנווענשן פון אַ. ר. צו רופן דעם אינדעפּענדנט אַרבייטער רינג צו אַ פאַראייניגונג. מיר שיקן אויך אַ ברודער־גרוס צו די דעלעגאַטן פון דער אינד. אַרבייטער רינג קאָנווענשן, וועלכע דאַרף קירצלאַך אָפּגעהאַלטן ווערן, און מיר דערוואַרטן, אַז די דאָזיקע קאָנווענשן וועט אָננעמען די פּאַסנדע מיטלען זיך צו טרעפן מיט דער עקזעקוטיוו פון אַרבייטער רינג, אויסצואַרבעטן אַלע פּלענער פאַר אַ פאַראייניגונג.

די קאָנווענשן דריקט אויס דעם וואונש, אַז אונזער ניי־ערווײלטע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו וועט האַנדלען אין דער דאָזיקער פראַגע פון פאַראייניגונג לויט דעם גייסט און וואונש פון דער קאָנווענשן, און די בריטע מיטגלידערשאַפט—פאַר איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע.

אַ קאָפּיע פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע זאָל געשיקט ווערן צו דער עקזעקוטיוו פון אינד. אַרבייטער רינג.

ווערט איינשטימיק אָנגענומען.

### וועגן אַן אַדמיניסטראַטיווע אַ. ר. בילדינג אין לאָס אַנדזשעלעס.

אין אַנבאַטראַכט, אַז די עמיגראַציע פון טובערקולאָזע פון גאַנצן לאַנד נאָך לאָס אַנדזשעלעס פאַרגרעסערט זיך; און

אין אַנבאַטראַכט, אַז די ברענטשעס פון לאָס אַנדזשעלעס קריגן

אַ פאָנד צו בויען אַן אַדמיניסטראַטיווע בילדינג אין לאָס אנדזשעלעס און פאַרלאַנגען, אַז די בילדינג זאָל טראָגן דעם נאָמען פון אַרבייטער רינג; און

אין אנבאַטראַכט, אַז אַזאַ געביידע וועט זיין אַ צירונג פאַר דעם אַרבייטער רינג,

דארום באַשליסט די אַ. ר. קאָנווענשן צו אַפּעלירן צו די מיטגלידער צו אונטערשטיצן די דאָזיקע נאָבעלע אונטערנעמונג און העלפן שאַפן אַ פאָנד, כדי דער אַ. ר. זאָל האָבן אַ בילדינג אויף זיין נאָמען.

ווערט איינשטימיק גוטגעהייסן.

פר. וואָלאָס באַריכטעט, אַז זיי האָבן פאַרהאַנדלט וועגן שטיצע פאַר די פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס:

פאַר דעם „מעסנדזשער“, אַ צייטונג, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן צו אַגיטירן דעם סאָציאַליזם צווישן די נעגערס — $500.

דער „וועסטערן דעפענס ליג“ — 50 דאָלאַר.

פאָלקס־ביבליאָטעק — 50 דאָלאַר.

זיי רעקאָמענדירן, אַז פאַר די ענגלישע סאָציאַליסטישע צייטונג פון שיקאַגאָ, וועלכע די אַרטיקלען פלאַנעווען אַרויסצוגעבן, זאָל באַוויליקט ווערן 5,000 דאָלאַר. די סומע זאָל זיי ניט געגעבן ווערן יעצט, נאָר די קומענדע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע זאָל אינסטרואירט ווערן זיי צו שטיצן מיט דער דאָזיקער סומע, ווען די צייטונג וועט אָנפאַנגען צו דערשיינען.

אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע ווערט פאָרגעלעזן די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

אין אנבאַטראַכט, אַז אַ שטאַרקע באַוועגונג פאַר אַ טעגלאַכער ענגלישער צייטונג ווערט אָנגעפירט אין שיקאַגאָ, און אין די מידל־וועסט; און

אין אנבאַטראַכט, אַז אַ טעגליכער אַרבעטער־אָרגאַן אין די וועסט וועט העלפן פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן די אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסן פון יענע שטאַטן,

דעריבער באַגריסט די 21־טע יערלאַכע קאָנווענשן פון אַ. ר. די דערמאָנטע באַוועגונג, און פאָדערט אויף אַלע ברענטשעס צו שטיצן און העלפן, אַז די טעגלאַכע צייטונג זאָל וואָס שנעלער דערשיינען.

די רעזאָלוציע און די שטיצע ווערט גוטגעהייסן ווי רעקאָמענדירט פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

## אַ דאַנק־רעזאָלוציע צו דעם אינשורענס קאָמישאָנער פון מאַסאַטשוזעטס:

אין אַנבעטראַכט, אַז דער אַרבייטער רינג איז יעצט געטשאַרטערט און טוט ביזנעס אין אַכט און דרייסיג סטייטס פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קענעדע; און

אין אנבאַטראַכט, אַז די סטייט רעגירונג פון מאַסאַטשוזעטס האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק באַוויליקט דעם אַרבייטער רינג אַ טשאַרטער צו טאָן ביזנעס אין דעם דאָזיקן סטייט; און

אין אנבאַטראַכט, אַז אונזער אַפּליקאַציע האָט אַרויסגעליגט אויף דעם אינשורענס קאָמישאָנער און זיין סטעף אַ גרויסע צאָל אַרבעט אין פאַרבינדונג מיט דער דורכקוקונג פון פאַרשידענע פראַגן פון געזעצן און דאָס באַקענען זיך מיט נייטיקע פאַקטן,

איז עס דעריבער באַשלאָסן, אַז די 21־טע קאָנווענשן פון אַ. ר., פאַרזאַמלט אין באָסטאָן פון מאַי דעם 1־טן ביז דעם 16־טן, 1921, דריקט אויס איר אינערלאַכן געפיל פון צופרידנהייט, אנערקענונג און דאַנק פאַר דער געדולדיקער און חעפלאַכער באַהאַנדלונג, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט געקראָגן פון דעם געערטן קלאַרענס ב. האָבס און זיין אַסיסטענט, וו. א. ריטשאַרדסאָן, און מיר דריקן אויס אונזער האָפנונג און פאַרזיכערונג, אַז דורך אונזער טויטן־ און קראַנקן־בענעפיט פאָנד און דעם אויסגעצייכנטן, באַקוועמלאַכן סאַניטאַריום, וואָס דער אַ ר. האָט אין ליבערטי, נ. י., וועלן מיר זיין אימשטאַנד צו לייסטן די בעסטע הילף צו די בירגער פון מאַסאַטשוזעטס, וועלכע זיינען געוואָרן פאַרבונדן מיט אונזער אָרגאַניזאַציע; און

איז עס ווייטער באַשלאָסן, אַז די דאָזיקע רעזאָלוציע זאָל פאַרשריבן ווערן אין די פראָטאָקאָלן פון דער דאָזיקער קאָנווענשן, און דאָס אַ קאָפּיע פון אָט דער רעזאָלוציע זאָל געשיקט ווערן צו דעם געערטן קלאַרענס ב. האָבס, און זיין ערשטן געהילף, הער וו. אַ. ריטשאַרדסאָן.

ווערט איינשטימיק אָנגענומען.

פר. אַרקין גיט איבער דעם באַריכט פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן:

אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן, ברענג איך אייך זייערע בעסטע וואונשן, אַז די 21־טע יערלאַכע קאָנווענשן וועט זיין איינע פון די עפּאָכן־מאַכנדע אין דעם אַרבייטער רינג. עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד צו זיין פאַרטראָטן ביי דער דאָזיקער קאָנווענשן און אייך צו באַגריסן. די דירעקטאָרן זיינען אייגענטלאַך דער עלעקטרישער דראָט, וועלכער ציט זיך איבער פאַרשידענע שטעט און שטעטלאַך איבער'ן גאַנצן לאַנד. איך בעט צו שענקען מיין באַריכט די נויטווענדיקע אויפמערקזאַמקייט.

די אַרבעט פון דער נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרן ווערט צעטיילט אויף פאַרשידענע אָפּטיילונגען: (1) די הויפּט־זאַך איז אויסצוהערן אַפּילס פון מיטגלידער געגן ברענטשעס, געגען דער עקזעקוטיווע, און ד. גל. (2) וועגן קאָנסטיטוציאָנעלע אויסטייטשונגען. (3) רעפּאָרטס פון פאַרשידענע פאַרוואַלטנדע קאָמיטעען, וועלכע דאַרפן דורכגיין דורך די הענט פון די דירעקטאָרן.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן קאָנסטיטוציאָנעלע און אַלגעמיינע פראַגן, האָבן מיר אַ לאָיער, וועלכער זאָגט אונז וואָס מען טאָר און וואָס מען טאָר ניט טאָן. ווען דער טשערמאַן האָט אונז דערקלערט ביי אונזער צוזאַמענפאָר לעצטן יאַנואַר, אַז מיר גייען האָבן אַ ספּעציעלע קאָנווענשן, ביי וועלכער מיר וועלן זיין די דעלעגאַטן, איז ביי אונז געווען אַ קורצע דיסקוסיע, צי זיינען מיר געזעצלאַך אָדער ניט. דער פאָרזיץ איז גלייך איבערגענומען געוואָרן פון נאַציאָנאַלן טשערמאַן פון אַרבייטער רינג, און וואָס דאַן האָט פּאַסירט וועט באַריכטן פר. ישורין. איך וועל בלויז באַריכטן וואָס איז שייך צו דער נאַציאָנאַלער באָרד.

צו מיין פרייד, זיינען די אַפּילס געגן דער עקזעקוטיווע געווען בלויז פון אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. מיר האָבן געהאַט אַן אַפּיל פון בר. 192, פּעטערסאָן, נ. דזש., פון וועלכן די עקזעקוטיווע האָט צוגענומען דעם טשאַרטער ביי דער לעצטער קאָנווענשן, און די מיטגלידער האָבן דערפאַר אַפּעלירט צו דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן. דאָס איז געווען דער שלום פון אַ קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק וועגן די לומס אין דעם וועבער־קאַמף פון פּעטערסאָן. דער באַטרעפנדער ברענטש האָט זיך אַנטזאָגט אויסצופאָלגן די אַנטשיידונג פון דער עקזעקוטיווע. ווען דער אַפּיל איז צו אונז אָנגעקומען, האָבן מיר געשיקט פריער אַ סוב־קאָמיטע, וועלכע איז אַוועקגעפאָרן אין פּעטערסאָן און האָבן געהאַט אַ הירינג, ביי וועלכער עס איז אנוועזנד געווען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו, די פּעטערסאָן סיטי דיסטריקט קאָמיטע, און די מיטגלידער פון דעם באַטרעפנדן ברענטש, צוזאַמען מיט אַלע עדות. נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט דעם באַריכט פון אונזער סוב־קאָמיטע, האָבן מיר גוטגעהייסן די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

אין בר. 184, האַרטפאָרד, איז פאָרגעקומען אַ סטרייק. דער סעקרעטאַר פון ברענטש, וועלכער איז אויך געווען דער סעקרעטאַר פון דער יוניאָן, איז געגאַנגען אַרבעטן אין צייט פון דעם סטרייק, דערקלערנדיק, אַז זיין עקאָנאָמישע לאַגע צווינגט אים דערצו. זיין ברענטש האָט אים דערפאַר באַשטראָפט מיט 75 דאָלאַר. די גריוועַנס קאָמיטע האָט זיין שטראָף רעדוצירט צו 25 דאָלאַר. ווען דער ברענטש האָט געהערט פון דעם באַשלוס פון די 25 דאָלאַר, האָט ער עס גוטגעהייסן. דער קלעגער איז אָבער געווען געגן דער דאָזיקער אַנטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע, און ער האָט אַפּעלירט צו דער באָרד אָף דירעקטאָרן. די גריוועַנס קאָמיטע האָט גע'טענה'ט, אַז די אַנטשיידונג פון זייער קאָמיטע איז ניט געגן אָנקלעגער, נאָר געגן ברענטש, און אויב דער ברענטש אַלס גאַנצער איז צופרידן מיט דער אַנטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע, קען דער קלעגער אַלס איינצעלנער ניט אַפּעלירן. די נאַציאָנאַלע באָרד אָף דירעקטאָרן האָט אומגעוואָרפן דעם באַשלוס פון דער גריוועַנס קאָמיטע און גוטגעהייסן די אַנטשיידונג פון ברענטש, אַז ער זאָל שטראָפירט ווערן מיט 75 דאָלאַר, ווייל אַ מענש, וואָס איז פאַקטיש געווען דער אָנפירער פון דעם סטרייק, זייענדיק סעקרעטאַר פון דער יוניאָן און סעקרעטאַר פון ברענטש, האָט ניט געטאָרט פאַרראַטן זיינע ברידער און ווערן אַ סטרייק־ברעכער.

מיר האָבן אויך געהאַט אַן אַפּיל פון בר. 869 געגן דער סאַניטאַריום קאָמיטע. אַ מיטגליד, וואָס איז אין 1911 קראַנק געוואָרן און האָט געפאָדערט סאַניטאַריום, איז אָנטזאָגט געוואָרן, ווייל ער איז נאָך דאַן ניט געווען קיין מיטגליד לאַנג גענוג צו זיין באַרעכטיקט דערצו. אין 1915 האָט ער געבראַכט אַ סטייטמענט פון אַ דאָקטער, אַז ער איז געזונט, און לעצטנס, ווען ער איז ווידער קראַנק געוואָרן, האָט ער גע'טענה'ט, אַז עס איז אַ נייע קראַנקהייט און ער דאַרף קריגן זיין בענעפיט. דער מיטגליד האָט אָבער נאָכער זיין קיים צוריקגעצויגן, ווייל די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אים באַשלאָסן צו געבן קאָנסאָמפּשן בענעפיט אַנשטאָט אַ סאַניטאַריום בענעפיט.

די קיים פון בר. 6, וואו אַ מיטגליד האָט פאַרנומען אַ ביסל געלט פון אַ לאָאַן־פאָנד און די קאָנווענשן האָט ניט גוטגעהייסן אונזער פאַרטייאָריקע האַנדלונג, און אונז געהייסן נאָך אַמאָל רעווידירן די קיים, האָבן מיר אָנשטאָט די שטראָף, וואָס מיר האָבן פריער אַרויסגעגעבן, אים געמאַכט פאַר אַ מעמבער עט לאַרדזש פאַר פינף יאָר צייט.

די נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרן רעקאָמענדירט, אַז זיי מוזן צו די ווייטערע קאָנווענשנס פון אַרבייטער רינג האָבן צוויי פאַרטרעטער, ווייל זייערע פונקציעס זיין פאַרשידנאַרטיקע, און פאַרטרעטער דאַרפן זיין ביי אַלע קאָמיטעס, אום אין יעדער באַזונדער פראַגע קלאָר צו מאַכן דעם שטאַנדפּונקט פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן.

צום שלום וויל איך אויסדריקן אַ דאַנק צו די עקז. קאָמיטען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פריינדלאַכקייט צו אונזער קאָמיטע, טראָץ דעם וואָס אין פילע פראַגן זיינען מיר ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט זיי; ווי, למשל, די מיינונגס־פאַרשידענהייט וועגן דער ערוויילונג פון מיטגלידער פון באָרד אָף דירעקטאָרן צו דער פּיפּלס רעל

קאָנווענשן דאָן האָבן זיי אונז געגעבן אינסטרוקציעס, וועלכע זיי האָבן ניט געדאַרפט געבן. אָבער דער צוזאַמענפאָר פון דער נ. ב. אַף ד. האָט דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיווע גוטגעהייסן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ רעכט צו געבן אינסטראַקשנס.

איך דאַנק די דעלעגאַטן און מיטגלידער אין נאָמען פון דער נ. ב. אַף ד. פאַר דעם צוטרוי, וואָס מען האָט אונז אַרויסגעוויזן, און פאַרזיכער אייך, אַז אונזער טעטיגקייט איז געווען פאַר די בעסטע אינטערעסן פון אַרבייטער רינג.

עס ווערן פאָרגענומען אינטערפעלאַציעס:

בריק, ניו־יאָרק: די פראַגע פון בר. 184 איז שוין פאַרהאַנדלט געוואָרן ביי דער לעצטער קאָנווענשן, וועלכע איז גוטגעהייסן געוואָרן פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. ווי אַזוי האָט די באָרד אַף דירעקטאָרן געקענט אויפנעמען די קייס?

פערלשטיין, ניו־יאָרק, וויל רעדן געגן דער האַנדלונג פון דער נאַצ. באָרד אַף דירעקטאָרן אין באַצוג צו דער קייס פון בר. 184.

דער טשערמאַן רולט, אַז ער דאַרף זיך ווענדן צו דער קאָמיטע פון אַפּיסערס רעפּאָרט און באַוויזן, אַז זיי האָבן די אַנטשיידונג צוריקגעוויזן. פר. העסקעל אַפּעלירט געגן דער אַנטשיידונג פון טשערמאַן.

פר. אַרקין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס:

ער דענקט, אַז דער פאַקט, וואָס אַ קאָמיטע באַריכטעט און מען הייסט גוט דעם רעפּאָרט פון אַ קאָמיטע אין אַלגעמיין און מען דריקט זיי אויס אַ דאַנק, פאַרלירן נאָך דערמיט ניט די מיטגלידער זייער קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט און זייער מעגלאַכקייט צו באַווייזן פאַר אַ העכערער קאָמיטע, אַז די נידריווערע קאָמיטע האָט געמאַכט אַ טעות אין איר אַנטשיידונג.

אין דער פראַגע פון בר. 184 איז דער אַפּיל פון פריינד מאהל געווען געגן דער גריוועַנס קאָמיטע, און דער צווייטער צד איז דאַרום געווען די גריוועַנס קאָמיטע, וועלכע מיר האָבן געגעבן אַ הירינג איידער מיר האָבן אַרויסגעגעבן אונזער אורטייל. אַזוי האָבן זיך אויך געפירט די פריערדיקע נאַציאָנאַלע באָרדס.

עס ווערט באַשלאָסן אויסצודריקן אַ דאַנק צו דער נאַציאָנאַלער באָרד אַף דירעקטאָרן, און דער באַריכט ווערט איבערגעגעבן צו דער קאָמיטע „אָן אָפּיסערס רעפּאָרטס".

פריינד ישורין, דער נאַציאָנאַלער טשערמאַן פון אַ. ר., באַריכטעט דאָן וועגן דער אַרבעט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע אַלס גאַנצע:

אַז דער אַרבייטער רינג האָט געהאַט אַן ערפאָלגרייך יאָר, ווייסט איר גאַנץ גוט. מיין רעפּאָרט וועט באַרירן בלויז די פראַגן, וועלכע זיינען פון אויסערגעוויינלאַכער וויכטיגקייט, און איך וויל רעזומירן דעם סך־הכל פון דעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן פון יעדער קאָמיטע באַזונדער. דער ערפאָלג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, ווי אויך פון דעם אַרבייטער רינג, וואָלט ניט געווען אַזאַ גרויסער, ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט די אונטערשטיצונג פון די מיטגלידער און פון די בראַנטשעס פון דעם אַ.ר. איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז הייַנטיקס יאָר איז דער עקז. קאָמיטע אויסגעקומען צו אַרבעטן אונטער אויסערגעוויינלאַך אומגינסטיקע אומשטענדן, צוליב דעם שרעקליכן קריזיס אין לאַנד און די גרויסע רעאַקציע, וואָס האָט געבושעוועט ביז'ן לעצטן טאָג. יאָ, מיר האָבן אַ פולשטענדיק רעכט צו גראַטולירן זיך, וואָס מיר האָבן געקענט קומען מיט אַזאַ רעפּאָרט, און אַז מיר זיינען געווען אימשטאַנד הייַנטיקס יאָר אַנצוהאַלטן דעם פּרעסטיזש וואָס דער אַרבייטער רינג האָט זיך דערוואָרבן, אַז מיר פירן דורך זיגרייך יעדן קאַמפּיין, וועלכן מיר אונטערנעמען זיך. אונזער באַריכט וועגן דער פּיפּלס רעליף איז אויך איינער, מיט וועלכן מיר קענען שטאָלצירן. פופציג טויזענט דאָלאַר איז אַ גאַנץ שיינע סומע. פיל מיטגעהאָלפן אין דעם ערפאָלג פון דעם אַרבייטער רינג האָט די שטיצע פון דער פּרעסע. אַ ספּעציעלן דאַנק פאַר דעם ערפאָלג פון אַרבייטער רינג קומט דעם „פאָרווערטס". דאָס איז די צייטונג, וועלכע גיט אונז די גרעסטע פּובליסיטי, וואָס מיר קענען קריגן אירגענדוואו.

אויסער דעם רעליף קאַמפּיין, וויל איך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער אַרבייטער רינג האָט גענומען זעהר אַ גרויסן אַנטייל אין דעם קליידער קאַמפּיין פון דער פּיפּלס רעליף. עס איז אינטערעסאַנט פאַר אייך צו וויסן, אַז פאַר דעם גוואַלדיקן גרויסן, ערפאָלגרייכן קליידער קאַמפּיין קומט דער גרעסטער דאַנק צו דעם אַרבייטער רינג און די בראַנטשעס. די מיטגלידער האָבן געטאָן זייער אַרבעט פריי, אָן קיין באַלוינונג.

אין פאַרבינדונג מיט דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין איז שוין באַריכטעט געוואָרן, אַז מיר זיינען געצוואונגען געווען צו מאַכן אַ ספּעציעלן אַסעסמענט, ווייל דער פאָנד איז ניט געווען גרויס גענוג צו דעקן דעם דעפיציט פון דעם פריערדיקן יאָר און אַנצופירן די אַרבעט פון דעם יאָר. דער אַסעסמענט איז געווען פינף סענט, און איז געדעקט געוואָרן אין 92־טן קוואָרטל.

אויסער דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין, איז איינע פון אונזערע וויכטיקסטע אַרבעטן געווען צו ווערן לעגאַליזירט, וואו עס איז נאָר מעגלאַך. הייַנטיקס יאָר זיינען מיר געטשאַרטערט געוואָרן אין 5 נייע סטייטס, און מיר זיינען שוין געזעצלאַך אין 34 סטייטס פון די פּאַרייניקטע שטאַטן. מיר באַנוגענען זיך ניט מיט דעם. מיר ווילן הונדערט פּראָצענט; מיר ווילן זיין געטשאַרטערט אין אַלע 48 סטייטס פון די פאַרייניקטע שטאַטן. אין פילע סטייטס האָבן מיר נאָך יעצט זאָגאַר ניט קיין בראַנטשעס, און פאַר מאַנכע פון אייך וועט זיך שטעלן די פראַגע, וואָרום מיר ווילן ווערן געטשאַרטערט. די אורזאַך איז, וואָס יעדן יאָר ווערן אין די סטייטס געמאַכט שטרענגערע געזעצן אין באַצוג צו אינשורענס, און עס ווערן געמאַכט שוועריגקייטן פאַר אַ נייער אָרגאַניזאַציע. דעריבער ווילן מיר זיך באַוואָרענען, אַז כדי מיר זאָלן קענען אין דער צוקונפט אָרגאַניזירן בראַנטשעס, זאָלן מיר ניט געשטערט ווערן דורך דעם, וואָס מיר זיינען נאָך ניט געטשאַרטערט. מיר האָפן, אַז די נעקסטע עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט ניט רוען, ביז מיר וועלן ווערן געטשאַרטערט אין יעדן סטייט פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

אין פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט האָבן מיר געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט איין סטייט. אין ס. קאַראָליינע האָט אַן אינשורענס קאָמישאָנער אָנגעפרעגט אויב מיר נעמען אַריין מיטגלידער פון פאַרשידענע ראַסן, מיינענדיק איבערהויפּט די נעגערס. דער אַרבייטער רינג האָט געענטפערט, אַז מיר זיינען אַבסאָלוט געגען דער אונטערשיידונג פון ראַסן, אָבוואָל מיר זיינען געווען אינטערעסירט צו קריגן אַ טשאַרטער, האָבן מיר דאָך ניט געקענט מאַכן אַן אָפּיציעלן פאַרשפּרעכן, אַז מיר נעמען אַריין מיטגלידער נאָר פון איין ראַסע. מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר קענען ניט דיסקרימינירן געגן אירגענד וועלכער ראַסע.

אויסער דער לעגאַליזירונג, האָבן מיר אויך געדאַרפט דורכפירן דעם באַשלוס פון רעפערענדום, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל העכערן זיין אינשורענס און אַרויסגעבן פּאָליסיס אויף טויזענט דאָלאַר. אום דאָס זאָל איינגעפירט ווערן איז נייטיק געווען צו אַמענדירן דעם טשאַרטער פון ניו־יאָרק, ווייל אונזער ביז־אַהעריקער טשאַרטער האָט אונז ניט געגעבן קיין רעכט אויף מער ווי פיר הונדערט דאָלאַר אינשורענס. נאָך אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ האַלב יאָר, איז אונז געלונגען צו קריגן די באַוויליגונג פון אינשורענס דעפּאַרטמענט, ווי איר האָט עס געהערט פאַרלעזן אין דער טעלעגראַמע, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן.

דער עקזעקוטיוו פון אַ. ר. קומט אויס צו זאָגן איר וואָרט און אָננעמען אַן אַנטשיידונג, וואָס טראָגט אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. עס האָט פּאַסירט, אַז דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק האָט געהאַט אַן אונטערנעמונג פאַר אירן אַ מיטגליד, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון בר. 87 דערווייל איז דער מיטגליד געשטאָרבן און עס איז ניט געווען נייטיק, אַז די געלט זאָל געגעבן ווערן דער פאַמיליע, וועלכע איז וואָלהאַבנד. די סעמעטערי קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו געבן די געלדער צו דעם לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום. דער בראַנטש האָט זיין טייל געלט פאַר די טיקעטס, וואָס ער האָט פאַרקויפט, ניט געוואָלט אָוועקגעבן צום סעמעטערי דעפּאַרטמענט, און די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע איז אויסגעקומען אין דער דאָזיקער פראַגע צו האַנדלען, ווייל די צדדים האָבן צו אונז אַפּעלירט, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דער בראַנטש דאַרף זיי באַצאָלן דאָס געלט.

אַ צווייטע פראַגע איז געווען פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק, וועלכער האָט ביי אַ קאָנפערענץ באַשלאָסן צו העכערן זייערע צאָלונגען. דער דעפּאַרטמענט האָט, נאָכדעם ווי ער האָט געריזט די בראַנטשעס, אַז זיי זאָלן צאָלן מער אַ קוואָרטל צו די דאָקטוירים, נאָכער פאַרהאַלטן די העכערונג און געלט פאַר צוויי קוואָרטאַלן און ניט באַצאָלט די דאָקטוירים. מיר האָבן די פראַגע אויפגענומען און מיר האָבן דערקלערט, אַז מיר ווילן ניט, אַז אַן אינסטיטוציע פון אַרבייטער רינג זאָל בלאַמירט ווערן, אַז זיי צאָלן ניט צו די דאָקטוירים וואָס זיי קומט, און זיי זאָלן רופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ, אויף וועלכער די פראַגע איז ענדלאַך צופרידנשטעלנד ערלידיקט געוואָרן.

דער סעקרעטאַר, פריינד באַסקין, און דער רעקאָרדינג סעקרעטאַר, פריינד געליבטער, זיינען דעם יאָר ווידער ערווויילט געוואָרן, ווייל די עקזעקוטיווע האָט געפונען, אַז זייער אַרבעט איז צופרידנשטעלנד, און צווישן דער עקזעקוטיווע און זייערע באַאַמטע האָט געהערשט אַ פולשטענדיקע האַרמאָניע אין דער אַרבעט.

דער לעצטער רעפערענדום האָט באַשלאָסן, אַז די קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין טאָראָנטאָ. דעם 31־טן יאַנואַר האָבן מיר געקראָגן אַ טשאַרטער אין מאַסאַטשוזעטס, און די עקזעקוטיווע האָט איינגעזען, און עס פרייט אונז זעהר וואָס די בראַנטשעס פון טאָראָנטאָ האָבן איינגעזען, אַז אונזער שטאַנדפּונקט איז ריכטיק און האָבן געלאָזט די קאָנווענשן איבערפירן קיין באָסטאָן. מיר באַוואונדערן זייער לאָיאַליטעט, און מיר האָבן זיי פאַרשפּראָכן, אַז מיר וועלן זען, אַז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל זיין אין טאָראָנטאָ. איך האָף, אַז די קאָנווענשן וועט גוטמאַכן דעם פאַרשפּרעכן, וואָס מען האָט זיי געגעבן.

מיר האָבן גענומען אין אַנבאַטראַכט, אַז די מיטגלידער פון לייבאָר ליג, וועלכע זיינען פלייש פון אונזער פלייש און בלוט פון

אונזער בלום, און וועלכע האָבן אַזוי פיל געליטן און אויסגעשטאַנען, ביז זיי האָבן דערלעבט דעם מאָמענט, אַז זייער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַ ווירקלאַכער טייל פון דעם אַרבייטער רינג, זאָלן באַלוינט ווערן דערמיט, וואָס זיי זאָלן זיין פאַרטראָטן ביי אונזער קאָנווענשן. מיר האָבן זיי ניט געקענט געבן קיין שטימרעכט, אָבער מיר האָבן זיי געקענט געבן פראַטוירנאַל רעכט.

ביי דער לעצטער קאָנווענשן איז ערוויילט געוואָרן אַ חאָום־אָפיס קאָמיטע. זיי האָבן שוין וועגן זייער אַרבעט באַריכטעט פריער. מיר וועלן בלויז באַריכטן אויף וויפיל מיר האָבן געהאַט מיט דעם צו טאָן. מיר האָבן געהאַט צוויי וואַקאַנסן, ווייל פר. וואָלאָס און קופּערמאַן האָבן רעזיגנירט, און מיר האָבן אויף זייער פּלאַץ ערוויילט די פריינד אַספּיז און פּאַדניק. זיי האָבן זיך אויך געווענדט צו אונז, אַז מען זאָל זיי באַוויליקן געלט פאַר זייערע אויסגאַבן, און די פאַרלאַנגטע סומע האָבן מיר זיי געגעבן. אַ קורצע צייט פאַר דער קאָנווענשן האָבן זיי פון אונז פאַרלאַנגט צו האָבן אַ געמיינשאַפטלאַכן מיטינג, כדי דורכצודרעשן די פראַגע און מיר זאָלן געמיינשאַפטלאַך פאַסן וועגן דעם אַ מיינונג. די קאָמיטע זעלבסט האָט נאָך דאַן ניט געהאַט קיין קלאָרן שטאַנדפּונקט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ האָום־אָפיס זיי ווילן. איינינע האָבן געוואָלט אַ האָום, און אַנדערע — אַ גראַנדיעזע בילדינג, וועלכע זאָל אַריינגעמען אין זיך אַלצדינג וואָס דער אַרבייטער רינג דאַרף. מיר האָבן אָבער אויף זיי געווירקט, אַז זיי זאָלן איינזען, אַז דורכצופירן דעם דאָזיקן פּלאַן אין דער איצטיקער צייט איז אַן אַבסאָלוטע אוממעגלאַכקייט, און זיי האָבן איינגעשטימט, אַז מיר זאָלן רעקאָמענדירן צו דער קאָנווענשן, אָנצונעמען אין פּרינציפּ, אַז אַזאַ בילדינג זאָל געבויט ווערן; עס זאָל אָבער פאַרשטאַנען ווערן, אַז אין דעם איצטיקן מאָמענט פון גרויסע קאָסטן פון מאַטעריאַל און אַרבעט קענען מיר ניט אָנהייבן אַזאַ ריזיקע זאַך דורכצופירן. עס זאָל אָבער דורכגעפירט ווערן אַזוי שנעל ווי עס וועלן קומען נאָרמאַלע צייטן. איך האָף, אַז די קאָנווענשן וועט אין דער דאָזיקער פראַגע ניט זיין איבעראיילט. די פראַגע פון דער צייט, ווען מיר זאָלן בויען, האָבן מיר באַשלאָסן איבערצולאָזן צו דער נייער עקזעקוטיווע און זי זאָל אויסקלייבן די פּאַסנדע צייט. אויב מען האָט געקענט וואַרטן ביז איצט, קען מען אויך וואַרטן נאָך אַ פּאָר יאָר, ביז די אומשטענדן וועלן זיין גינסטיק דערצו.

עס האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די מיטגלידער פון אַרבייטער רינג, און עס איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן אַן אויפרוף, אַז אַלס אָנערקענונג צו דער סאָציאַליסטישער רעגירונג אין רוסלאַנד, זאָל געשאַפן ווערן אַ האָספּיטאַל־אויסשטאַטונג. דער אויפרוף האָט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג איבער'ן גאַנצן לאַנד, און עס שיינט, אַז עס וועט געשאַפן ווערן אַ באַדייטענדע סומע, פאַר וועלכער מיר וועלן קענען אַזאַ האָספּיטאַל־אויסשטאַטונג שאַפן, און דערמיט טאָן אונזער פליכט אַלס דער רויטער־קרייץ פון אונזער באַוועגונג.

די לעצטע קאָנווענשן האָט אָנגענומען אַ פּרינציפּן־דערקלערונג, וועלכע איז ביים רעפערענדום דורכגעפאַלן דערפאַר, ווייל זי איז ניט געווען צופרידנשטעלנד פאַר דעם סאָציאַליסטישן גייסט פון די אַרבייטער רינג מיטגלידער, און זיי האָבן געדענקט, אַז עס איז גלייכער צו האָבן אַן אמת'ע פּרינציפּן־דערקלערונג אין אונזער נשמה, איידער צו האָבן אַ פאַרעווע פּרינציפּן־דערקלערונג אויפ'ן פּאַפּיר. ווען די דאָזיקע פראַגע איז געווען אויפ'ן רעפערענדום, האָט זיך געשטעלט ביי דער עקזעקוטיווע די פראַגע, צי מעגן מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיך באַטייליקן אין די דעבאַטן און אַגיטירן פאַר זייער שטאַנדפּונקט. די עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסן, אַז אין פּרינציפּיעלע פראַגן דאַרפן די איינצעלנע מיטגלידער ניט זיין געבונדן פון באַשלוסן פון קאָנווענשן. זיי זאָלן האָבן אַ רעכט אויסצודריקן זייער אייגענע פּרינציפּיעלע מיינונג.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסן זיך ניט צו באַטייליקן אין דעם קאָנגרעס, וועלכער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פאַרלויף פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר. מיר האָבן אַזוי גוט ווי אַנדערע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס ניט געזען די נויטווענדיגקייט דערצו. וועגן דער שטעלונג פון דער עקזעקוטיווע צו דער פראַגע פון אידישן קאָנגרעס איז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע שטאַרק גראַטולירט געוואָרן פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן.

די פראַגע פון פּיפּלס רעליף האָט אויך אַרויסגערופן אַ שאַרפע דיסקוסיע אויף דער אידישער גאַס. די מיינונגס־פאַרשידנהייט האָט זיך אויך געפילט אין אונזערע רייען. ביי אונז זיינען געווען מיינונגס־פאַרשידנהייטן וועגן דעם, צי דאַרף די פּיפּלס רעליף זיך אָפּטיילן פון דער דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטע. אַ טייל האָבן געדענקט, אַז ווען די רעליף־אָפּטיילונגען זאָלן זיך פונאַנדערגיין, וועט יעדערער באַזונדער ניט קענען טאָן אַלס גאַנצע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן פופצען פאַרטרעטער מיט אינסטרוקציעס, אַז אויב די פאַרלאַנגען פון דער פּיפּלס רעליף וועלן ניט באַוויליקט ווערן, זאָלן זיי שטימען, אַז די פּיפּלס רעליף זאָל זיך צוריקציען פון דער דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטע. ביי דער קאָנווענשן איז גליקלאַכערווייז געמאַכט געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס. אונטער דעם דרוק פון די אומשטענדן האָבן ביידע צדדים אַרונטערגעלאָזט פון זייערע פאַרלאַנגען און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס, לויט וועלכן די אַרבעט קען ווייטער געטאָן ווערן געמיינשאַפטלאַך. דער קאָמפּראָמיס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס איז באַוויליקט געוואָרן אַ געוויסער פּראָצענט פאַר דער קולטורעלער אַרבעט, וואָס ווערט אָנגעפירט אין די מלחמה־לענדער.

נאָכדעם ווי די דאָזיקע פראַגע איז געשליכטעט געוואָרן, האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע אין אירע באַציאונגען. ביז ניט לאַנג צוריק האָט די פּיפּלס רעליף קאָמיטע געהאַט פינף פאָרשטייער אין דער דזשאָינט דיסט. קאָמיטע. מען האָט אויסגעווירקט ביי דער דזשאָינט דיסט. קאָמיטע, אַז די פּיפּלס רעליף זאָל קריגן נאָך צוויי פאָרשטייער צו דער דזש. דיסט. קאָם. ביי אַ מיטינג פון דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די צוגעקראָגענע צוויי מאַנדאַטן זאָלן געגעבן ווערן איינער צו דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, און דער צווייטער צו די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס. איך, אַלס פאָרשטייער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און אַדמיניסטראַציאָנס קאָמיטע פון פּיפּלס רעליף, האָט אויפגעהויבן די פראַגע. ביז יעצט איז אַ פאָרשטייער ערוויילט געוואָרן דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אַדמיניסטראַציאָנס קאָמיטע, אָבער אויב זיי באַשטימען יעצט צו געבן אַ ספּעציעלן מאַנדאַט צו דער אינטערנעשאָנאַל גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, און צו דער אַמאַלגאַמייטעד יוניאָן, איז דאָך דער אַרבייטער רינג פּונקט אַזוי פיל באַרעכטיקט צו האָבן אַ ספּעציעלן פאָרשטייער, און אפשר נאָך מער? זיי האָבן איינגעזען, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, אָבער האָבן די זעלבע נאָכאַמאָל ערוויילט אַלס מיטגלידער, כלומר'שט ווייל זיי זיינען פאָרשטייער פון דער אַדמיניסטראַציע. נאָכדעם ווי די דאָזיקע האַנדלונג איז באַגאַנגען געוואָרן פון דער פּיפּלס רעליף, האָט די עקזעקוטיווע מיט רעכט זיך געפונען באַלײדיקט, און מיר האָבן דאָס זיי דערקלערט אין אַ בריף. מיר זיינען גרויס גענוג, און מיר דאַרפן ניט זוכן קיין כבוד, אָבער אויב מען טיילט כבוד, זען מיר ניט איין פאַרוואָס מיר זאָלן זיין אויסגעמאַכט, און אונז אויף אַזאַ שטאַרקן אופן באַלײדיקן, אין דער צייט וואָס הילף האָבן מיר געשאַפן פיליכט מער פון אַנדערע, און מיר האָבן געזאָגט: מיר וועלן אונזער אַרבעט פאָרזעצן פּונקט אַזוי ענערגיש ווי פריער, אָבער מיר ווילן מער ניט נעמען אַן אָפיציעלן אַנטייל אין אייער פאַרוואַלטונג, און מיר ציען צוריק די פאָרשטייער וואָס מיר האָבן דאָרט. דער דאָזיקער באַשלוס האָט זיי געטראָפן ווי אַ דונער. דער אַרבייטער רינג איז נאָך אַלעמען געווען איינער פון זייערע שטאַרקסטע זיילן, און זיי האָבן זיך אַנטשולדיקט און דערקלערט, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ טעות. זיי וועלן שוין זען, אַז אין דער צוקונפט זאָלן מיר קריגן די פאַרדינטע אָנערקענונג.

אַזוי ווי עס איז געוואָרן שפּעט, האָט פר. ישורין דערקלערט, אַז דעם באַריכט וועגן דער ספּעציעלער קאָנווענשן וועט ער אָפּגעבן ביי דער מאָרגנדיקער זיצונג — שבת פרי.

אַלס טשערמאַן פון דער נעקסטער זיצונג ווערט ערוויילט פר. ס. נודעלמאַן, און פר. פּאַדניק, אַלס וויים־טשערמאַן. די זיצונג ווערט געשלאָסן.

---

## צענטע זיצונג, שבת, 10 אַ זייגער פרי

די 10־טע זיצונג ווערט ערעפנט מיט פריינד נודעלמאַן אַלס טשערמאַן און פר. פּאַדניק, פון ניו יאָרק, אַלס וויים־טשערמאַן.

פר. ווייך באַריכטעט פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אַז זיי האָבן זיך קאָנסטיטואירט מיט אים אַלס טשערמאַן, און פר. קאַפּלאַן אַלס סעקרעטאַר, און זיי האָבן פאָלגענדע רעקאָמענדאַציעס:

1) דער אַסעסמענט פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט זאָל נעקסטן יאָר געהעכערט ווערן אויף 6 סענט אַ קוואָרטל אַנשטאָט 4 סענט, ווי ביז איצט. — אָנגענומען.

2) מיר האָבן געהאַט פאַרלאַנגען פון פאַרשידענע דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעטן, אַז עס זאָל געענדערט ווערן די צאָלונג פון רייזע קאָסטן פאַר די קאָמיטעס וואָס פאָרן באַזוכן די פאַרשידענע דיסטריקטן. נאָך דעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט איניגע קאָנטרי־דעלעגאַטן, און אויך פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, זיינען מיר געקומען צו שלוס, אַז די רייזע־קאָסטן זאָלן געהעכערט ווערן אויף 5 דאָלאַר, אַנשטאָט 3 דאָלאַר, ווי ביז איצט.

פר. ליטמאַן, פון מינעסאָטע, מאַכט אַן אַמענדמענט, אַז די רייזע־קאָסטן זאָלן געהעכערט ווערן ביז 10 דאָלאַר. ער זאָגט, אַז אויב מיר ווילן אָנפירן אַ טיכטיקן קאַמפּיין אין דער קאָנטרי, מוז אַזאַ סומע באַשטימט ווערן.

דער אַמענדמענט ווערט נידערגעשטימט און די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

3) מיר רעקאָמענדירן צו דערקלערן אַ מאַניפעסט צו אַלע מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך געשטראָכן פון דעם יאָר 1918 ביז 1921, דאָס זיי זאָלן פון יעצט אָן ביז מאַי 1922 זיין פריי אַריינצוקומען אין אַרבייטער רינג און זאָלן ניט דאַרפן צאָלן זייערע אַלטע שולדן

צו די ברענטשעס, מיט דער אויסנאַם פון שטראַפן און לאָאן־פאָנד שולדן.

די ראַזיסע רעקאָמענדאַציע רופט אַרויס אַ וואַרימע דיסקוסיע.

פר. ווײַנבערג, פון ניו־יאָרק, דערקלערט, אַז אַזעלכע באַשלוסן זיינען ניט קיין נייעס אַנצונעמען ביי דער קאָנווענשן.

מיר האָבן שוין אַזעלכע באַשלוסן אָנגענומען ביי פריערדיקע קאָנווענשנס, דאָן אָבער זיינען זיי געווען באַרעכטפּערטיקט דערפאַר, ווייל ווען אַזעלכע באַשלוסן זיינען געמאַכט געוואָרן, איז דאָס געווען נאָך עטלאַכע יאָר פון שווערע קריזיסן, און מיטגלידער זיינען פשוט ניט געווען אימשטאַנד צו צאָלן זייערע בילס. יעצט איז די לאַגע אָבער אַ גאַנץ אַנהערע. פון 1918 ביז 1921 איז גראָד געווען פראָספּעריטי אין לאַנד, און די דאָזיקע מיטגלידער, וועלכע האָבן אין די עטלאַכע יאָר געלאָזט זיך שטרייכן, דאַרפן מיר קיינע מאַניפעסטן ניט געבן. דער אַרבייטער רינג איז שוין יעצט גענוג שטאַרק און גרויס און נייטיקט זיך נים אָנצונעמען אַזעלכע מיטלען.

ער שלאָגט פאָר, אַז די דאָזיקע רעקאָמענדאַציע זאָל צוריקגעוויזן ווערן.

פר. ליטמאַן פרעגט, צי קען די קאָנווענשן צווינגען די ברענטשעס גוטצומאַכן שולדן פון געשטראָכענע מיטגלידער. ער פרעגט אויך, צי האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַטראַכט די פראַגע וואָרום מיטגלידער לאָזן זיך שטרייכן פון דעם אַרבייטער רינג.

דער פאָרשלאַג צוריקצואוויזן די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע פאַלט דורך, און די אָריגינעלע רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

די קאָנווענשן קאָמיטע גיט דאַן אָפּ איר באַריכט. די קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט פר. זאַץ אַלס טשערמאַן און פר. קראַפּקאָ אַלס סעקרעטאַר. פר. קראַפּקאָ דערקלערט, אַז די קאָנווענשן קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין צוויי יאָר אַרום, אין מאַי 1923. דאָס וואָלט געשפּאָרט טויזענטער דאָלאַרס פאַר דעם אַרבייטער רינג.

פר. זאַלצמאַן מאַכט אויפמערקזאַם: אַזוי ווי דאָס איז אַ פראַגע, וואָס ענדערט די קאָנסטיטוציע אין באַצוג צו פאַרוואַלטונג פון אַ. ר., זאָל דעריבער די פראַגע אָפּגעלייגט ווערן ביז צום רעפּאָרט פון דער פאַרוואַלטונגס קאָמיטע, וועלכע האָט אויך אַ רעקאָמענדאַציע איבער דער דאָזיקער פראַגע. דער טשערמאַן אַנערקענט פר. זאַלצמאַנס באַמערקונג און דערקלערט, אַז די דאָזיקע פראַגע וועט פאַרהאַנדלט ווערן נאָכדעם ווי זיי וועלן אויסהערן דעם באַריכט פון דער פאַרוואַלטונגס קאָמיטע. פר. זאַץ אַפּעלירט געגן דער אַנטשיידונג פון טשערמאַן, דערקלערנדיק, אַז די רעקאָמענדאַציע איז בלויז פאַר דער נעקסטער קאָנווענשן, און האָט מיט דער פאַרוואַלטונגס קאָמיטע גאָר ניט צו טאָן. מיר ענדערן ניט די קאָנסטיטוציע, נאָר מיר רעקאָמענדירן בלויז, אַז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין 1923, און דעריבער באַלאַנגט דאָס צו דער קאָנווענשן קאָמיטע. עס ווערט אָנגענומען צו אַן אָפּשטימונג, און די אַנטשיידונג פון טשערמאַן ווערט צוריקגעוויזן, און די פראַגע וועגן דער נעקסטער קאָנווענשן ווערט פאַרגענומען פאַר אַ דיסקוסיע.

פר. שפּינראַד, ניו־יאָרק, דענקט, אַז מיר קענען ניט האַלטן די קאָנווענשן ערשט אין 1923, ווייל די נייע ערוויילטע עקזעקוטיוו קאָמיטע איז בלויז ערוויילט געוואָרן פאַר 1 יאָר, און דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער נעקסטער קאָנווענשן, און אויב די קאָנווענשן וועט ערשט געהאַלטן ווערן מיט צוויי יאָר שפּעטער, צו וועמען וועט די עקזעקוטיוו אָפּגעבן דין וחשבון נעקסטן יאָר?

פר. אַשפּיז, ניו־יאָרק, דערקלערט, אַז ער איז דערפאַר, אַז די קאָנווענשנס זאָלן געהאַלטן ווערן אַלע צוויי יאָר. די מורא, אַז די עקזעקוטיוו וועט זיין פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר קיינעם, איז אַן אומזיסטע, דערפאַר ווייל מיר האָבן אַ באָרד אָף דירעקטאָרן, וועלכע קען אָפּהאַלטן איר מיטינג נעקסטן מאַי און אויסהערן באַריכטן פון אַלע פאַרשידענע קאָמיטעען, און אַרויסשיקן זייערע רעקאָמענדאַציעס צו אַ רעפערענדום צו דער מיטגלידערשאַפט. ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן נעמען אין אַנבאַטראַכט אַז אַ קאָנווענשן קאָסט פון 50 ביז 60 טויזענט דאָלאַר, וואָס דאָס מיינט אַ פאַרגרעסערונג פון די בילס פאַר די מיטגלידער. ער איז זיכער, אַז מיר האָבן זיך געדאַרפט אַריינטראַכטן אין דער פראַגע ווי אַזוי צו פאַרקלענערן די בילס און ניט צו פאַרגרעסערן.

פר. זאַלצמאַן, ניו־יאָרק, זאָגט, אַז ער איז געגן דער רעזאָלוציע פון דער קאָנווענשן קאָמיטע, דערפאַר ווייל דאָס איז בלויז אַ ציייטווייליקער באַשלוס. ער דענקט, אַז עס דאַרף ווערן געמאַכט אַ פּערמאַנענטער געזעץ פאַר'ן אַרבייטער רינג צו האָבן צוויי־יערליכע קאָנווענשנס. די פאַרוואַלטונגס קאָמיטע האָט אַזאַ רעקאָמענדאַציע, וועלכע קען ווערן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער פונקט, ווען זי וועט אָנגענומען ווערן דאָ ביי דער קאָנווענשן, און גוטגעהייסן ווערן פון דער מיטגלידערשאַפט דורך אַ רעפערענדום.

דריישפּיל, ניו־יאָרק, דערקלערט, אַז אַזוי לאַנג ווי אונזער קאָנסטיטוציע פאָדערט יערלאַכע קאָנווענשנס, איז זעהר שווער די פראַגע אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. ער איז מיט דער מיינונג, אַז די קליין־גרויס־געוואָרענע קאָנווענשנס זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן. עס איז אויך דאָ אַ וועג ווי אַזוי דאָס זאָל געטאָן ווערן: מיר קענען רופן אַ קאָנווענשן, וועלכע זאָל באַשטיין פון 1 דעלעגאַט פון יעדן סטייט, און זי זאָל געהאַלטן ווערן אין ניו־יאָרק, וואו אַלע באַריכטן זאָלן אָפּגעגעבן ווערן און באַשלוסן, וועלכע וועלן אָנגענומען ווערן, זאָלן געשיקט ווערן צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג. פר. דריישפּיל מאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל געהאַלטן ווערן אין ניו־יאָרק מיט 1 פאַרטרעטער פון יעדן סטייט.

פר. גוסקין, ניו־יאָרק, פרעגט: אויב מיר באַשטימען צו האָבן אַ קאָנווענשן פון דער נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרן, ווי וועט זיין ווען די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט האָבן אַ מיספאַרשטענדניס מיט דער נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרן, וועלכע באַשטייט פון 15 מענשן, וואָרום זאָלן די 15 האָבן די מאַכט צוריקצואוויזן אַ באַשלוס פון 30? ווער וועט דאַן אַרויסגעבן אַן אַנטשיידונג?

דער טשערמאַן דערקלערט, אַז דריישפּילס פאָרשלאַג לויטעט: אַז די קאָנווענשן זאָל באַשטיין פון פאַרטרעטער פון יעדן סטייט, וואו מיר האָבן ברענטשעס, וואָס דאָס מיינט אַ פאַרטרעטערשאַפט פון עטלאַכע און דרייסיג.

די פראַגע ווערט אָפּגעשטימט און פר. דריישפּילס פאָרשלאַג פאַלט דורך.

די אָריגינעלע רעקאָמענדאַציע פון דער קאָנווענשן קאָמיטע ווערט גענומען צו אַ ראָל־קאָל־אָפּשטימונג און דער רעזולטאַט איז 82 דאַפיר און 58 דאַגעגן, און אַזוי ווי עס איז ניטאָ קיין צוויי־דריטל מאַיאָריטעט, מיינט עס, אַז די רעקאָמענדאַציע איז צוריקגעוויזן.

פר. גוסקין שלאָגט פאָר, אַז אויב די קאָנווענשן וועט וועלן האָבן דעבאַטן איבער די ווייטערדיקע באַריכטן, זאָלן די דיסקוסיעס געפירט ווערן פון צוויי דאַפיר און צוויי דאַגעגן. דאָס וועט שפּאָרן צייט און ביידע ריכטונגען וועלן האָבן די געלעגנהייט אויסצודריקן זייערע מיינונגען. דער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען.

עס ווערן געמאַכט צוויי פאָרשלאַגן וועגן דער פאַרטרעטערשאַפט צו דער נעקסטער קאָנווענשן: איינער לויטעט, אַז די פאַרטרעטערשאַפט זאָל זיין איינער פון טויזענט, און דער צווייטער — איינער פון פינף טויזענט.

ביידע פאָרשלאַגן פאַלן דורך, און עס בלייבט ווי עס איז געווען ביז איצט — איינער פון פינף הונדערט.

וועגן דער פראַגע, וואו עס זאָל געהאַלטן ווערן די נעקסטע קאָנווענשן, ווערט באַשלאָסן, מען זאָל דורכפירן דעם באַשלוס פון דעם לעצטן רעפערענדום, אַז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין טאָראָנטאָ. די פראַגע אין וועלכער שטאָט די קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן דאַרף דעריבער היינטיקס יאָר ניט געשיקט ווערן צו אַ רעפערענדום.

די סאַניטאַריום קמיטע גיט אָפּ איר באַריכט. זי האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט פר. אַשעראָוויטש אַלס טשערמאַן און פר. ראָזענטאַל אַלס סעקרעטאַר. זיי רעקאָמענדירן:

1) אַז דער דעפיציט פון 13 טויזענט דאָלאַר פון אויפהאַלטונגספאָנד זאָל געדעקט ווערן פון דעם סורפּלוס פון בילדונגס־פאָנד.

2) נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט די גרויסע אויסגאַבן פון דעם סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס־פאָנד און די שטענדיקע דעפיציטן פון דעם דאָזיקן פאָנד, זאָל דעריבער די קאָנווענשן אינסטרואירן די נעקסטע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטע אָנצושטעלן עקספּערטן נאָכצוזוכן אויב עס קען געמאַכט ווערן געוויסע עקאָנאָמיע, און אויב נייטיק זאָגאַר אָנשטעלן אַ מענעדזשער אַחוץ דעם דאָקטער.

3) צו אינסטרואירן די נעקסטע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעען, אַז צו דער נעקסטער קאָנוונשן זאָלן זיי אַריינברענגען אַ באַשטימטן פּלאַן

ווי צו העלפן די עקס־פאַציענטן, וועלכע פאַרלאָזן דעם סאַניטאַריום און קענען מער ניט גיין אַרבעטן אין שאַפּ.

אַלע רעקאָמענדאַציעס ווערן גוטגעהייסן.

פר. באַסקין, דער גענעראַל־סעקרעטער פון אַרבייטער רינג, באַריכטעט דאָן ווי פאָלגט:

משערמאַן און פריינד:

עס טוט מיר זער לייד, וואָס איך האָב ניט פיל צייט צו באַ־ [...] נאכדעם ווי מען אַרבעט אָפּ

[...]

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע וועט אין דער צוקונפט געבן נאָך מער צופרידנשטעלנדע רעזולטאַטן און וועט פאַרזעצן איר ערפאָלגרייכע אַרבעט אַלס אָרגאַניזאַציע."

דער אינשורענס קאָמישאָנער פון ניו־דזשוירזי סטייט האָט אין זיין רעפּאָרט, נאָכדעם ווי ער האָט אונטערזוכט די ביכער פון אַרבייטער רינג, געשריבן דאָס פאָלגענדע:

„נעמענדיק אין אנבאַטראַכט דעם אויסגעצייכנטן פאָרשריט, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט געמאַכט אין פאַרלויף פון די ערשטע 11 מאָנאַטן אין 1920, זעט עס אויס, אַז דער רעקאָרד, וואָס ער וועט מאַכן ביז'ן 31־טן דעצעמבער, 1921, וועט אויך זיין אַזוי גינסטיק, ווי אין דעצעמבער 31, 1919."

צוויי דעפּאַרטמענטס — ביידע די זעלבע מיינונג. און צו ענד זאָגט דער זעלבער זשורנאַל, „פּראָטווירנאַל מאָניטאָר":

„דער פּראָגראַם פון אַרבייטער רינג איז אַזוי וואונדערבאַר, אַז מיר פילן אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן דאָס צו ווידערהאָלן. די פּראָטוירנאַל רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרן פון אַרבייטער רינג אין 1917, און אַריין אין קראַפט דעם 1־טן יאַנואַר 1918. די פּראַטווירנאַל רייטס זיינען ביי זיי שטופנווייז איינגעפירט געוואָרן ביז אין יאָר 1921. ווען די ענדערונג אין די צאָלונגען האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט דער אַרבייטער רינג געהאַט קנאַפּע 60 טויזענט מיטגלידער, און אין פאַרלויף פון די 3 יאָר, ביז די פּראַטווירנאַל רייטס זיינען איינגעפירט געוואָרן, האָט דער אָרדן געהאַט אַ געווינס פון איבער 20 טויזענד מיטגלידער, און אונטער די אומשטענדן איז דאָס ווירקלאַך וואונדערבאַר. די רעזולטאַטן זיינען צו פאַרדאַנקען דעם צוטרוי וואָס די מיטגלידער און פריינד האָבן אין זייער אָרגאַניזאַציע."

דאָס איז איינער פון די גלענצענדסטע רעפּאָרטס. מען באַציט זיך צו אונז שטרענג אין די הויכע פענסטער דערפאַר, ווייל זיי מיינען, אַז מיר זיינען צו „רויט". זיי האָבן מורא און האַלטן פאַר טרייף אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געפינען זיך אויף איסט בראָדוועי. וואָס אנבאַלאַנגט אונזערע פּאָליטישע באַציאונגען, קענען מיר ניט האַנדלען אין געוויסע פאַלן אַזוי ווי אַנדערע שטעלן זיך פאָר. אויב מיר ווילן איינהאַלטן אונזער אָרגאַניזאַציע און צייגן די רעזולטאַטן אַזוי ווי זיי זיינען ביז היינטיקן טאָג, מוזען מיר זיך האַלטן אין געוויסע ראַמען, וועלכע מיר טאָרן ניט איבערטרעטן אויף קיין שום פאַל. יעדער שריט אונזערער ווערט געהיט. מיר דאַרפן זיך אָבער דערפאַר ניט שרעקן, ווייל מיר ווייסן, אַז מיר טוען לעגאַלע אַרבעט. אָבער אַ געוויסן ראַם מוזן מיר דאָך האָבן.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער לאַגע אין די בראַנטשעס. איך וויל ערשטנס זאָגן, אַז עס איז דער גרעסטער טעות פון בראַנטשעס, ווען זיי האָבן אַלס זייער סעקרעטאַר און טרעזשורער איין און די זעלבע פּערזאָן. פילע בראַנטשעס זיינען רואינירט געוואָרן נאָר צוליב דער דאָזיקער אורזאַך. איבערהויפּט וויל איך זאָגן, אַז אַ טרעזשורער זאָל [...] איז א ביזנעסמאַן, ווייל מיר האָבן געהאַט

[...]נגן אָפט פאַרמישן זייערע

[...]וש.

[...]ן קיינעם ניט חושד זיין,

[...]ט אָנגיין אויף אַזאַ וועג,

[...] אַזוי פיל פאַלן פון מיס־

[...] טרעזשורערס, אַז עס איז

[...]רטלאַכע אָרגאַניזאַציע, און

[...]ן.

[...]עם געזעץ, וועלן מיר האָבן

[...]ינג פון פאָנדס. ביז איצט

[...]גן איין פאָנד — דעם רע־

[...]עם יעדער פאָנד האָבן זיין

[...] חלק. צום ביישפּיל, דער

[...]עט פון יעצט אָן און ווי־

[...]ן מיט אַלע אַנדערע פאָנדס.

[...] רעזערוו פאָנד פלעגט באַ־

[...] די געלדער פון אַרבייטער

[...]יר נעמען אַריין פון נייע

[...]ון אַ האַלב פּראָצענט, וואָס

[...]נד.

[...] קאָנווענשן אָנגענומען די

[...]נגען אַ צווייטער רעפערענ־

[...]געלדער, און אָנשטאָט דעם

[...]ן דעם אַרבייטער רינג, צאָלן

[...]ונגען צו דעם טויטן־פאָנד

[...] יאָרן. מען האָט דאָן פאַר־

[...] צוויי לאַסטן אויף די מיט־

[...]רזיכערן שוין דעם רעזערוו

[...] אַ צווייטע לאַסט אויף די

[...]ערוו פאָנד. אָבער נאָכדעם

[...]ראַטווירנאַל רייטס מוז האָבן

[...]ט איינגעפירט געוואָרן, איז

[...]ן.

איצט, ווען מיר האָבן די פּראַטווירנאַל רייטס שוין איינגעפירט ענטגילטיק, זען מיר ניט איין די נויטווענדיגקייט אָנצוהאַלטן דעם איינס פּראָצענט, ווייל מיט דער אָפּשאַפונג פון דעם דאָזיקן איינס פּראָצענט, וואָלטן מיר געמאַכט אַ סך לייכטער פאַר פיל ווינשנסווערטע אידישע אַרבעטער זיך אָנצושליסן אָן אַרבייטער רינג.

איר האָט נעכטן געהערט פאַרלעזן די טעלעגראַמע, אַז מען האָט אונז ענדלאַך דערלויבט איינצופירן טויזענט־דאָלאַרדיקע פּאָליסיס, אָבער אויב מיר פירן איין אַ טויזענט־דאָלאַרדיקע פּאָליסי, וועלן מיר גלייך מוזן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו מאַכן געוויסע הנחות אָדער אַזעלכע פּריווילעגיעס, ווי עס האָבן די אינשורענס קאָמפּאַניס פאַר די, וועלכע נעמען אַרויס טויזענט־דאָלאַרדיקע פּאָליסיס.

דאָס זיינען פּונקטן, וועגן וועלכע מיר דאַרפן זיך פאַרטראַכטן און פאַרהאַנדלען.

אונזער פאַרמעגן איז היינטיקס יאָר געוואַקסן זעהר גרויס. עס איז געוואַקסן פּראָפּאָרציאָנעל מיט הונדערט און פופציג הונדערט און צוואַנציג פּראָצענט מערער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. דאָס איז דערפאַר, וואָס היינטיקס יאָר זיינען אַריינגעגאַנגען אין קראַפט די לעצטע, און העכסטע, רייטס־צאָלונגען, און דאָס האָט אויך געמאַכט, אַז אונזער פאַרמעגן זאָל אַרויפשפּרינגען זעהר הויך. אונזער פאַרמעגן באַטרעפט יעצט אַ מיליאָן מיט אַ פערטל דאָלאַרס, אין קעש און אין באָנדס און מאָרטגעדזשעס, וואָס מיר האָבן. די אַנדערע פאַרמעגנס, ווי דער סאַניטאַריום, דער אָפיס, — „פוירניטשור און פיקס־טשורס" — א. אַ. וו., ווערט דאָ ניט אַריינגערעכנט. אַלעס אַרום און אַרום, פאַרמאָגן מיר מער ווי אַ מיליאָן און אַ האַלב

אונזער מיטגלידערשאַפט איז דעם יאָר געוואָרן עלטער מיט זיבן צענטל פון אַ יאָר. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די דורכשניט־לאַכע עלטער פון די נייע מיטגלידער איז געווען ווייניקער ווי דרייסיג יאָר, און צוזאַמען מיט דעם, וואָס אַ געוויסע צאָל עלטערע מיטגלי־דער זיינען געשטאָרבן, האָט געמאַכט, אַז אונזער עלטער זאָל אַרויפ־שפּרינגען ניט אויף אַ גאַנצן יאָר, נאָר אויף אַ טייל פון דעם יאָר.

אונזער טויטן־רייט טויזענט אויף יעדע טויזענט איז היינטיקס יאָר געווען פיר און צוויי־צענטל פּראָצענט. דאָס איז פיל קלענער פון

Please note that some
numbers are double nos. The
[illegible]

צו די ברענטשעס, מיט דער אויסנאַם פון שטראָפן און לאַאָן־פאָנד שולדן.

די דאָזיקע רעקאָמענדאַציע רופט ארויס א וואַרימע דיס־קוסיע.

פר. ווײַנבערג, פון ניו־יאָרק, דערקלערט, אז אזעלכע באַ־שלוסן זיינען ניט קיין נייעס אנצונעמען ביי דער קאָנווענשן.

מיר האָבן שוין אזעלכע באַשלוסן אַנגענומען ביי פריערדיקע קאָנווענשנס, דאָן אבער זיינען זיי געווען באַרעכטפערטיקט דערפאַר, ווייל ווען אַזעלכע באַשלוסן זיינען געמאַכט געוואָרן, איז דאָס געווען נאָך עטלאַכע יאָר פון שווערע קריזיסן, און מיטגלידער זיינען פשוט ניט געווען אימשטאַנד צו צאָלן זייערע בילס. יעצט איז די לאַגע אבער א גאַנץ אַנהערע. פון 1918 ביז 1921 איז גראָד געווען פראָספּע־ריטי אין לאַנד, און די דאָזיקע מיטגלידער, וועלכע האָבן אין די עט־לאַכע יאָר געלאָזט זיך שטרייכן, דאַרפן מיר קיינע מאַניפעסטן ניט געבן. דער ארבייטער רינג איז שוין יעצט גענוג שטאַרק און גרויס און נייטיקט זיך ניט אנצונעמען אזעלכע מיטלען.

ער שלאָגט פאָר, אז די דאָזיקע רעקאָמענדאציע זאָל צו־ריקגעוויזן ווערן.

פר. ליטמאַן פרעגט, צי קען די קאָנווענשן צווינגען די ברענטשעס גוטצומאַכן שולדן

ער פרעגט אויך, צי האָט די
באַטראַכט די פראַגע ווארום מי
דעם ארבייטער רינג.

דער פאָרשלאַג צוריקצואוו
קאָמיטע פאַלט דורך, און די אָ
אָנגענומען.

די קאָנווענשן קאָמיטע גיט
מיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט
פר. קראַפּקאָ אַלס סעקרעטאַר.
קאָנווענשן קאָמיטע רעקאָמענדי
זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין צוויי
וואָלט געשפּאָרט טויזענטער דאָ

פר. זאַלצמאַן מאַכט אויפמ
פראַגע, וואָס ענדערט די קאָנסט
טונג פון אַ. ר., זאָל דעריבער
צום רעפּאָרט פון דער פאַרוואַלט
אַ רעקאָמענדאַציע איבער דער ד
אנערקענט פר. זאַלצמאַנס באַמ
דאָזיקע פראַגע וועט פאַרהאַנדי
אויסהערן דעם באַריכט פון דעו
זאַץ אַפּעלירט געגן דער אַנטשי
דיק, אַז די רעקאָמענדאַציע איז
ווענשן, און האָט מיט דער פאַר
טאָן. מיר ענדערן ניט די קאָנ
דירן בלויז, אַז די נעקסטע קאָנוו
1923, און דעריבער באַלאַנגט ד
עס ווערט אָנגענומען צו אַן אָפּ
טשערמאַן ווערט צוריקגעוויזן,
סטער קאָנווענשן ווערט פאָרגענ

פר. שפּינראַד, ניו־יאָרק, ד
די קאָנווענשן ערשט אין 1923,
זעקוטיוו קאָמיטע איז בלויז ערוויילט געוואָרן פאַר 1 יאָר, און דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער נעקסטער קאָנווענשן, און אויב די קאָנווענשן וועט ערשט געהאַלטן ווערן מיט צוויי יאָר שפּעטער, צו וועמען וועט די עקזעקוטיוו אָפּגעבן דין וחשבון נעקסטן יאָר?

פר. אשפּיז, ניו־יאָרק, דערקלערט, אז ער איז דערפאַר, אז די קאָנווענשנס זאָלן געהאַלטן ווערן אַלע צוויי יאָר. די מורא, אז די עקזעקוטיוו וועט זיין פאַראַנטוואָרטלאָך פאַר קיינעם, איז אן אומזיסטע, דערפאַר ווייל מיר האָבן א באָרד אף דירעקטאָרן, וועלכע קען אָפּהאַלטן איר מיטינג נעקסטן מאַי און אויסהערן באַריכטן פון אַלע פאַרשידענע קאָמיטעען, און ארויסשיקן זייערע רעקאָמענדאַציעס צו א רעפערענדום צו דער מיטגלידער־שאַפט. ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן, אז זיי זאָלן נעמען אין אנבאַטראַכט אז א קאָנווענשן קאָסט פון 50 ביז 60 טויזענט דאָלאַר, וואָס דאָס מיינט א פאַרגרעסערונג פון די בילס פאַר די מיטגלידער. ער איז זיכער, אז מיר האָבן זיך געדאַרפט ארייננטראַכטן אין דער פראַגע ווי אזוי צו פאַרקלענערן די בילס און ניט צו פאַרגרעסערן.

פר. זאַלצמאַן, ניו־יאָרק, זאָגט, אז ער איז געגן דער רע־

זאָלוציע פון דער קאָנווענשן קאָמיטע, דערפאַר ווייל דאָס איז בלויז א צייטווייליקער באַשלוס. ער דענקט, אז עס דאַרף ווערן געמאַכט א פערמאַנענטער געזעץ פאַר'ן ארבייטער רינג צו האָבן צוויי־יערליכע קאָנווענשנס. די פאַרוואַלטונגס קאָמיטע האָט אזא רעקאָמענדאַציע, וועלכע קען ווערן א קאָנסטיטוציאָנעלער פונקט, ווען זי וועט אָנגענומען ווערן דאָ ביי דער קאָנווענשן, און גוטגעהייסן ווערן פון דער מיטגלידערשאַפט דורך א רע־פערענדום.

דריישפּיל, ניו־יאָרק, דערקלערט, אז אזוי לאַנג ווי אונזער קאָנסטיטוציע פאָדערט יערלאַכע קאָנווענשנס, איז זעהר שווער די פראַגע אוועקצומאַכן מיט דער האַנט. ער איז מיט דער מיינונג, אז די קליין־גרויס־געוואָרענע קאָנווענשנס זאָלן אָפּ־געשאַפט ווערן. עס איז אויך דאָ א וועג ווי אזוי דאָס זאָל געטאָן ווערן: מיר קענען רופן א קאָנווענשן, וועלכע זאָל באַ־שטיין פון 1 דעלעגאַט פון יעדן סטייט, און זי זאָל געהאַלטן ווערן אין ניו־יאָרק, וואו אַלע באַריכטן זאָלן אָפּגעגעבן ווערן און באַשלוסן, וועלכע וועלן אָנגענומען ווערן, זאָלן געשיקט ווערן צו א רעפערענדום־אָפּשטימונג. פר. דרייפּשיל מאַכט א פאָר־שלאָג, אז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל געהאַלטן ווערן אין ניו־

וועגן דער פראַגע, וואו עס זאָל געהאַלטן ווערן די נעקסטע קאָנווענשן, ווערט באַשלאָסן, מען זאָל דורכפירן דעם באַשלוס פון דעם לעצטן רעפערענדום, אז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין טאָראָנטאָ. די פראַגע אין וועלכער שטאָט די קאָנווענשן זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן דאַרף דעריבער היינטיקס יאָר ניט געשיקט ווערן צו א רעפערענדום.

די סאַניטאַריום קמיטע גיט אָפּ איר באַריכט. זי האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט פר. אַשעראָוויטש אַלס טשערמאַן און פר. ראָזענטאַל אַלס סעקרעטאַר. זיי רעקאָמענדירן:

1) אַז דער דעפיציט פון 13 טויזענט דאָלאַר פון אויפהאַלטונגס־פאָנד זאָל געדעקט ווערן פון דעם סורפּלוס פון בילדונגס־פאָנד.

2) נעמענדיק אין אנבאַטראַכט די גרויסע אויסגאַבן פון דעם סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס־פאָנד און די שטענדיקע דעפיציטן פון דעם דאָזיקן פאָנד, זאָל דעריבער די קאָנווענשן אינסטרואירן די נעקסטע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטע אַנצושטעלן עקספּערטן נאָכצוזוכן אויב עס קען געמאַכט ווערן געוויסע עקאָנאָמיע, און אויב נייטיק זאָגאַר אָנשטעלן אַ מענעדזשער אַחוץ דעם דאָקטער.

3) צו אינסטרואירן די נעקסטע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטען, אז צו דער נעקסטער קאָנווענשן זאָלן זיי ארייננברענגען א באַשטימטן פּלאַן

ווי צו העלפן די עקס־פּאַציענטן, וועלכע פאַרלאָזן דעם סאַניטאַריום און קענען מער ניט גיין אַרבעטן אין שאָפּ.

אַלע רעקאָמענדאַציעס ווערן גוטגעהייסן.

פּר. באַסקין, דער גענעראַל־סעקרעטער פון אַרבייטער רינג, באַריכטעט ראַן ווי פאָלגט:

משערמאַן און פריינד:

עס טוט מיר זער לייד, וואָס איך האָב ניט פיל צייט צו באַריכטן וועגן אייניגע וויכטיקע פראַגן. נאָכדעם ווי מען אַרבעט אַ יאָר צייט אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע, האָט מען פאַרשידענע וויכטיקע זאַכן איבערצוגעבן צו די דעלעגאַטן. איך וועל אייך נאָר איבערגעבן אייניגע פּונקטן. די איבריקע וועט איר לעזן אין די געדרוקטע באַריכטן פון קאָנווענשן־נומער „פריינד“.

עס איז דאָ אַ גרויסער קאָנטראַסט אין די באַציאונגען צו אונז פון די אינשורענס דעפּאַרטמענטס און פון די פּאָליטישע מאַכטהאָבער. אַ מערקווירדיקע זאַך. מען האָט אונז, צום ביישפּיל, דאָ אין באָסטאָן ניט געגעבן קיין פּערמיט צו מאַרשירן. דער פּאָלים קאָמישאָנער האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ער איז אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דער אַרבייטער רינג איז פאַרבונדן מיט דער אידישער פעדעראַציע, וועלכע איז פאַר דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און פאָלגלאַך קענען זיי דעם אַרבייטער רינג ניט דערלויבן צו מאַרשירן, ספּעציעל דעם ערשטן מאַי.

אין קענעדע האָט מען אונזערע דעלעגאַטן געמאַכט שוועריגקייטן ביים גרענעץ, ווייל דער אַרבייטער רינג איז ביי זיי ניט גענוג כשר.

אָבער אין דער זעלבער צייט האָט דער אינשורענס דעפּאַרטמענט פון קענעדע געראַטן אַלע פראַטערנאַל סאָסייעטיס אין קענעדע, אַז אויב זיי ווילן זיך אַנשליסן אָן אַ שטאַרקער אָרגאַניזאַציע, זאָלן זיי זיך אַנשליסן אָן דעם אַרבייטער רינג.

דער אינשורענס דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק, אויף וועמעס פאָדערונג מיר האָבן געדאַרפט אַרונטערנעמען אונזער פּרינציפּן־דערקלערונג, האָט אויך וועגן אונז די בעסטע מיינונג. איך וועל דאָ ציטירן אַ פּאָר פון זיינע פראַזן: ווען מיר האָבן פאַרלאַנגט געטשאַרטערט צו ווערן אין אַ געוויסן סטייט, און דער אָרטיקער אינשורענס קאָמישאָנער האָט פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן צושטעלן אַ סטייטמענט פון ניו־יאָרקער קאָמישאָנער וועגן אונזער צושטאַנד, האָבן מיר זיך געווענדט צו דעם אינשורענס דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק פאַר אַן הסכמה, און אין דעם אויסצוג, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין דעם „פראַטערנאַל מאָניטאָר“ פון ראָטשעסטער, וועלכן איך האָב דאָ מיט זיך, באַציט ער זיך צו אונז זעהר פריינדלאַך. דער סטייטמענט לעזט זיך ווי פאָלגט: „מיר באַטראַכטן, אַז די מענעדזשמענט פון דעם אָרדן (מיינענדיק דעם אַרבייטער רינג) ווערט געפירט אויף אַן אויסגעצייכנטן און שפּאָרזאַמען אופן, און אַזוי ווי אין 1921 וועט דער אַרבייטער רינג זיינע צאָלונגען נאָך פאַרגרעסערן, גלויבן מיר, אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע וועט אין דער צוקונפט געבן נאָך מער צופרידנשטעלנדע רעזולטאַטן און וועט פאַרזעצן איר ערפאָלגרייכע אַרבעט אַלס אָרגאַניזאַציע.“

דער אינשורענס קאָמישאָנער פון ניו־דזשוירזי סטייט האָט אין זיין רעפּאָרט, נאָכדעם ווי ער האָט אונטערזוכט די ביכער פון אַרבייטער רינג, געשריבן דאָס פאָלגענדע:

„נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט דעם אויסגעצייכנטן פאָרשריט, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט געמאַכט אין פאַרלויף פון די ערשטע 11 מאָנאַטן אין 1920, זעט עס אויס, אַז דער רעקאָרד, וואָס ער וועט מאַכן ביז׳ן 31־טן דעצעמבער, 1921, וועט אויך זיין אַזוי גינסטיק, ווי אין דעצעמבער 31, 1919.“

צוויי דעפּאַרטמענטס — ביידע די זעלבע מיינונג. און צו ענד זאָגט דער זעלבער זשורנאַל, „פראַטערנאַל מאָניטאָר“:

„דער פּראָגרעס פון אַרבייטער רינג איז אַזוי וואונדערבאַר, אַז מיר פילן אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן דאָס צו ווידערהאָלן. די פראַטערנאַל רייטס זיינען אָנגענומען געוואָרן פון אַרבייטער רינג אין 1917, און אַריין אין קראַפט דעם 1־טן יאַנואַר 1918. די פראַטערנאַל רייטס זיינען ביי זיי שטופנווייז איינגעפירט געוואָרן ביז אין יאָר 1921. ווען די ענדערונג אין די צאָלונגען האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט דער אַרבייטער רינג געהאַט קנאַפּע 60 טויזענט מיטגלידער, און אין פאַרלויף פון די 3 יאָר, ביז די פראַטערנאַל רייטס זיינען איינגעפירט געוואָרן, האָט דער אָרדן געהאַט אַ געווינס פון איבער 20 טויזענד מיטגלידער, און אונטער די אומשטענדן איז דאָס ווירקלאַך וואונדערבאַר. די רעזולטאַטן זיינען צו פאַרדאַנקען דעם צוטרוי וואָס די מיטגלידער און פריינד האָבן אין זייער אָרגאַניזאַציע.“

דאָס איז איינער פון די גלענצענדסטע רעפּאָרטס. מען באַציט זיך צו אונז שטרענג אין די הויכע פענסטער דערפאַר, ווייל זיי מיינען, אַז מיר זיינען צו „רויט“. זיי האָבן מורא און האַלטן פאַר טריף אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געפינען זיך אויף איסט בראָדוועי. וואָס אַנבאַלאַנגט אונזערע פּאָליטישע באַציאונגען, קענען מיר ניט האַנדלען אין געוויסע פאַלן אַזוי ווי אַנדערע שטעלן זיך פאָר. אויב מיר ווילן איינהאַלטן אונזער אָרגאַניזאַציע און צייגן די רעזולטאַטן אַזוי ווי זיי זיינען ביז היינטיקן טאָג, מוזען מיר זיך האַלטן אין געוויסע ראַמען, וועלכע מיר טאָרן ניט איבערטרעטן אויף קיין שום פאַל. יעדער שריט אונזערער ווערט געהיט. מיר דאַרפן זיך אָבער דערפאַר ניט שרעקן, ווייל מיר ווייסן, אַז מיר טוען לעגאַלע אַרבעט. אָבער אַ געוויסן ראַם מוזן מיר דאָך האָבן.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער לאַגע אין די בראַנטשעס. איך וויל ערשטנס זאָגן, אַז עס איז דער גרעסטער טעות פון בראַנטשעס, ווען זיי האָבן אַלס זייער סעקרעטאַר און טרעזשורער איין און די זעלבע פּערזאָן. פילע בראַנטשעס זיינען רואינירט געוואָרן נאָר צוליב דער דאָזיקער אורזאַך. איבערהויפּט וויל איך זאָגן, אַז אַ טרעזשורער זאָל ניט זיין איינער, וועלכער איז אַ ביזנעסמאַן, ווייל מיר האָבן געהאַט די ערפאַרונג, אַז אַזעלכע טרעזשורערס פלעגן אָפט פאַרמישן זייערע אייגענע געלדער מיט די געלדער פון בראַנטש.

איך וויל קיינעם ניט באַשולדיקן און קיינעם ניט חושד זיין, אָבער די לאַגע איז אַזאַ, אַז אויב איר וועט אַנגיין אויף אַזאַ וועג, וועט איר האָבן טראָבל. מיר האָבן געהאַט אַזוי פיל פאַלן פון מיסברויכונג פון געלדער פון סעקרעטאַרן און טרעזשורערס, אַז עס איז פּשוט ניט שיין. מיר זיינען אַ פאַראַנטוואָרטלאַכע אָרגאַניזאַציע, און מיר קאָנען אַזאַ זאַך ביי אונז ניט דערלויבן.

וועגן אונזערע פאָנדס: לויט דעם נייעם געזעץ, וועלן מיר האָבן אַ קליינע ענדערונג אין דער פאָנאַנדערטיילונג פון פאָנדס. ביז איצט פלעגן די פּראָצענטן פון אַלע פאָנדס גיין צו איין פאָנד — דעם רעזערוו־פאָנד. פון איצט אָן און ווייטער וועט יעדער פאָנד האָבן זיין פּראָצענט, וואָס אים קומט אויס אויף זיין חלק. צום ביישפּיל, דער פּראָצענט פון דעם קראַנקן־בענעפיט פאָנד וועט פון יעצט אָן און ווייטער צוגערעכנט ווערן צו דעם פאָנד, און אַזוי מיט אַלע אַנדערע פאָנדס.

וועגן אונזער רעזערוו פאָנד. דער רעזערוו פאָנד פלעגט באַשטיין ביז איצט פון אַלע פּראָצענטן אויף די געלדער פון אַרבייטער רינג, פון די איינטריטס־געלדער, וואָס מיר נעמען אַריין פון נייע מיטגלידער, און די דריי און דרייסיג און אַ האַלב פּראָצענט, וואָס ווערט אָפּגעלייגט פון דעם מאָרטשוערי פאָנד.

ווען מיר האָבן נאָך דער 15־טער קאָנווענשן אָנגענומען די פראַטערנאַל רייטס, איז גלייך אַרויסגעגאַנגען אַ צווייטער רעפערענדום, אַז מען זאָל אָפּשאַפן די איינטריטס־געלדער, און אַנשטאַט דעם זאָל יעדער מיטגליד, וואָס קומט אַריין אין דעם אַרבייטער רינג, צאָלן נאָר אַ סומע, וועלכע מאַכט אויס די צאָלונגען צו דעם טויטן־פאָנד און דעם באַטרעפנדן קוואַרטאַל לויט זיינע יאָרן. מען האָט דאַן פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניט לאָגיש צו האָבן צוויי לאַסטן אויף די מיטגלידער. די פראַטערנאַל רייטס אַליין פאַרזיכערן שוין דעם רעזערוו פאָנד, און עס איז ניט נייטיק צו האָבן אַ צווייטע לאַסט אויף די מיטגלידער, כדי צו פאַרשטאַרקן דעם רעזערוו פאָנד. אָבער נאָכדעם ווי עס איז אויסגעטייטשט געוואָרן, אַז פראַטערנאַל רייטס מוז האָבן צוויי־דריטל, און די „רייטס“ זיינען ניט איינגעפירט געוואָרן, איז דער איינס־פּראָצענט נאָך אַלץ אין קראַפט.

איצט, ווען מיר האָבן די פראַטערנאַל רייטס שוין איינגעפירט ענטגילטיק, זען מיר ניט איין די נויטווענדיגקייט אָנצוהאַלטן דעם איינס פּראָצענט, ווייל מיט דער אָפּשאַפונג פון דעם דאָזיקן איינס פּראָצענט, וואָלטן מיר געמאַכט אַ סך לייכטער פאַר פיל ווינשנסווערטע אידישע אַרבעטער זיך אָנצושליסן אָן אַרבייטער רינג.

איר האָט נעכטן געהערט פאַרלעזן די טעלעגראַמע, אַז מען האָט אונז ענדלאַך דערלויבט איינצופירן טויזענט־דאָלאַרדיקע פּאָליסים, אָבער אויב מיר פירן איין אַ טויזענט־דאָלאַרדיקע פּאָליסי, וועלן מיר גלייך מוזן אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו מאַכן געוויסע הנחות אָדער אַזעלכע פּריווילעגיעס, ווי עס האָבן די אינשורענס קאָמפּאַניס פאַר די, וועלכע נעמען אַרויס טויזענט־דאָלאַרדיקע פּאָליסים.

דאָס זיינען פּונקטן, וועגן וועלכע מיר דאַרפן זיך פאַרטראַכטן און פאַרהאַנדלען.

אונזער פאַרמעגן איז היינטיקס יאָר געוואַקסן זעהר גרויס. עס איז געוואַקסן פּראָפּאָרציאָנעל מיט הונדערט און פיליכט הונדערט און צוואַנציג פּראָצענט מערער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. דאָס איז דערפאַר, וואָס היינטיקס יאָר זיינען אַריינגעגאַנגען אין קראַפט די לעצטע, און העכסטע, רייטס־צאָלונגען, און דאָס האָט אויך געמאַכט, אַז אונזער פאַרמעגן זאָל אַרויפשפּרינגען זעהר הויך. אונזער פאַרמעגן באַטרעפט יעצט אַ מיליאָן מיט אַ פערטל דאָלאַרס, אין קעש און אין באָנדס און מאָרטגעדזשעס, וואָס מיר האָבן. די אַנדערע פאַרמעגנס, ווי דער סאַניטאַריום, דער אָפיס, — „פורניטשור און פיקסטשורס“ — א. אַ. וו., ווערט דאָ ניט אַריינגערעכנט. אַלעס אַרום און אַרום, פאַרמאָגן מיר מער ווי אַ מיליאָן און אַ האַלב

אונזער מיטגלידערשאַפט איז דעם יאָר געוואָרן עלטער מיט זיבן צענטל פון אַ יאָר. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די דורכשניטלאַכע עלטער פון די נייע מיטגלידער איז געוועזן ווייניקער ווי דרייסיג יאָר, און צוזאַמען מיט דעם, וואָס אַ געוויסע צאָל עלטערע מיטגלידער זיינען געשטאָרבן, האָט געמאַכט, אַז אונזער עלטער זאָל אַרויפשפּרינגען ניט אויף אַ גאַנצן יאָר, נאָר אויף אַ טייל פון דעם יאָר.

אונזער טויטן־רייט אויף יעדע טויזענט איז היינטיקס יאָר געוועזן פיר און צוויי־צענטל פּראָצענט. דאָס איז פיל קלענער פון

דעם רייט פון די אמעריקאנער טאבעלן, וועלכע זיינען זעקס און א האלב פראצענט פון יעדן טויזענט.

אונזער „וואליואיישן“ היינטיקס יאר איז 105, דאס הייסט, אז אויף יעדע הונדערט דאלאר פון אונזערע אינשורענס-פארפליכטונגען, וועלן מיר האבן אין פארמעגן, לויט דער צאלונג פון אונזערע מיטגלידער — הונדערט און פינף דאלאר, א צוואוואוקס פון צוויי און דריי-פערטל פראצענט אויף דעם יאר.

דער טאטל פון אונזערע אינשורענס-פארפליכטונגען איז — איין און צוואנציג מיליאן דאלאר.

מיר האבן ארייגענומען אין די יארן 1919-20 אריבער צוועלף טויזענט נייע מיטגלידער, פון וועלכע ס'איז ארייגעקומען דריי און דרייסיג טויזענט דאלאר איינטריטס-געלט. מיר האבן געהאט א נעט צואוואוקס פון 6,200 מיטגלידער, וועלכע מאכט אויס גאנצע אכט און א צענטל פראצענט. דאס איז איינע פון די גרעסטע ערפאלגן וואס א פראטוירנאל ארגאניזאציע האט געהאט דעם יאר.

אין קורצן, מיינע פריינד, וועגן אונזער רעזערוו פאנד האבן מיר זיך ניט וואס צו באקלאגן. מיר וועלן אבער האבן דעפיזיטן אין אייביגע אנדערע פאנדס, און דאס איז זעהר א טרויעריקע דערשיינונג. מיר וועלן האבן א גרויסן דעפיציט אין קאנוועגשן פאנד. די קאנווענשן דא אין באסטן, אריינרעכנענדיק אלע דאניישנס, וואס מיר האבן אזוי ברייט צעטיילט, וועט אונז קאסטן פון פינף און פערציג ביז פופציג טויזענט דאלאר. אונזער קאנווענשן פאנד האט היינט צו טאג בלויז זעקס טויזענט דאלאר, און מיר וועלן דערפאר האבן א דעפיציט פון איבער פערציג טויזענט דאלאר. די עקזעקוטיוו קאמיטע וועט גלייך נאך דער קאנווענשן מוזן באשטימען א ספעציעלן טעקס צו דעקן דעם דאזיקן פאנד. מיר מוזן האבן אויף נעקסטן יאר באשטימטע בודזשעטן, און צווינגען יעדער קאמיטע, זי זאל זיך האלטן אין אירע ראמען און באשרענקן איר טעטיגקייט, אויף וועלכן באדן עס זאל ניט זיין. מיר קענען ניט אנפירן קיין ביזנעס אויף א דעפיציט-סיסטעם. דאס איז א געפערלאכער וועג. עס איז ניט אנגענעם צו מאכן אימער ספעציעלע אסעסמענטס, אבער מיר קענען זיך ניט העלפן, ווייל מיר קענען ניט נעמען געלט פון איין פאנד און געבן פאר א צווייטן.

ווען איך רעד צו אייך וועגן די דעפיציטן, מיין איך ניט צו קריטיקירן די אדער יענע קאמיטע. איך רעד וועגן א סיסטעם, און די דאזיקע סיסטעם מוז איינמאל פאר אלע מאל איינגעפירט ווערן, ווייל מיר קענען ניט קומען נעקסטן יאר צו די פארשידענע אינשורענס דעפארטמענטס מיט אזוי פיל דעפיציטן אין געוויסע פאנדס. מיר וועלן פארלירן אונזער רעפוטאציע, און דאס קענען מיר זיך ניט דערלויבן. מיר האבן דעם יאר געהאט $6.37 אויסגאבן א טאג פאר יעדן פאציענט אין סאניטאריום. דאס איז אן אומדערהערטע סומע, ווייל דאס זיינען אויסגאבן גאר פאר עסן און פאר פירן די ביזנעס. מען דארף דעריבער קומען צו א פארשטענדניש, כדי אונזערע קאמיטעס זאלן וויסן קלאר זייערע אויפגאבן און פאראנטפארטלאכקייט, וואס ליגט אויף זיי. די בילס וואקסן, און די מיטגלידער זיינען זיכער דערמיט ניט צופרידן.

דער צושטאנד פון אפיס איז איינער פון די בעסטע, וואס קען זיין. די ארבעט איז אומגעהייער פארצווייגט געווארן, און דאך ווערט זי דורכגעפירט פינקטלאך און גוט. איר מאכט א גרויסן טעות און איר באשולדיקט אומזיסט דעם אפיס, ווען איר זאגט, אז מיר שיקן אייך ניט ארויס די בילס, ווייל מיר האבן זיי ניט אין צייט. איר דארפט פארשטיין, אז די בילס פון דעם אפיס זיינען אנדערש ווי די בילס פון סעמעטערי דעפארטמענט. דארט האבן זיי ניט צו טאן מיט קיין קלאסן און מיט קיין עלטער, זיי האבן איין פארם פון טעקס פאר אלע קלאסן. מיר מוזן אבער פריער צוזאמענרעכענען די פארשידענע קלאסן און די עלטער פון יעדן מיטגליד באזונדער. און דאס נעמט זעהר פיל צייט. אבער ווען זאגאר די סעקרעטארן קריגן ניט די בילס אין צייט, קענען זיי אבער דאס ניט אנגעבן אלס תירוץ, ווארום זיי שיקן ניט די צאלונגען אין אפיס אין צייט, ווייל יעדער סעקרעטאר קריגט אין צייט צוגעשיקט פון אפיס א רייט-קארד פאר יעדן קווארטל, און פון דער דאזיקער רייט-קארד קען ער גלייך האבן א באגריף וויפיל געלט ער דארף שיקן אין אפיס. אן אונטערשיד פון עטלאכע דאלאר איז ניט וויכטיק. דאס וועט שוין שפעטער צייגן דעם ביל. איך אונטערשטרייך נאך אמאל, אז דער אפיס ווערט געפירט און געהאלטן אין בעסטן ארדנונג.

זעהר א גוטע מיינונג האט וועגן אונז די ענגלישע פרעסע, און מען לויבט אונז זעהר פיל. דער „מאדערן מעדיסין“, איינער פון די גרויסע וויסנשאפטלאכע זשורנאלן פון אמעריקע, האט אפגעדרוקט די רעזולטאטן פון אונזערע אונטערזוכונגען פון די קראנקן-פאלן און ער האט אונז זעהר געלויבט פאר דער דאזיקער ארבעט. ער האט געזאגט, אז אונזערע קראנקע-בעניפיטן זייענן די קלענסטע, וואס זיי האבן ווען עס איז געזען אין א פראטוירנאל ארגאניזאציע. נאך דעם ארטיקל האט זיך געווענדט צו אונז דער לייבאר סטאטיסטיק דעפארטמענט פון וואשינגטאן, שרייבנדיק אונז, אז זיי האבן געזען דעם ארטיקל און זיי וואלטן זעהר וועלן, אז מיר זאלן זיי געבן נאך טאבעלן פון דעם זעלבן כאראקטער.

איך האב נאך פיל, פיל צו רעדן און באריכטן, אבער די צייט איז קורץ און איך וועל זיך מוזן אפשטעלן. איך דאנק אייך פון גאנצן הארצן פאר דער אויפמערקזאמקייט, וואס איר האט מיר געשאנקן, און איך דאנק אויך אונזער עקזעקוטיוו קאמיטע און די איינצעלנע דעפארטמענטס, מיט וועמען אונז איז אויסגעקומען א גאנץ יאר צו ארבעטן הארמאניש און איניק, ווייל אלע האבן געהאט איין און דעם זעלבן ציל, איין און די זעלבע שטרעבונג — צו מאכן דעם ארבייטער רינג שענער, שטארקער און פעסטער.

די קאנווענשן הייסט איינשטימיק גוט, דורך א רייזינג-וואוט, דעם באריכט, ווי דער סעקרעטאר האט אים איבערגעגעבן, און דער סעקרעטאר ווערט אויך אויפגעפאדערט פארצוזעצן זיין גוטע ארבעט, און דאס פון היינט אן און ווייטער זאל ער נעמען א טעטיקן אנטייל אין אלצדינג, וואס עס קומט פאר אין ארבייטער רינג אין דעם זין ווי ער האט ארויסגעבראכט אין זיין רעפארט.

פר. שאפירא גיט אפ דעם באריכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, וועלכע איז קאנסטיטואירט געווארן מיט אים אלס טשערמאן, און פר. שטיינבוים אלס סעקרעטאר:

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך געשטעלט די פליכט פון ברענגען אייך אן אלגעמיינעם באריכט פון אלע דריי טיילן פון איר ארבעט. איך וועל צוגיין צו יעדן טייל באזונדער: עדיוקיישן, „דער פריינד“ און די שולן.

1) עדיוקיישאנאל פאנד. מיט צוויי יאר צוריק איז ביי דער קאנווענשן באריכטעט געווארן, אז דער עדיוקיישאנאל פאנד האט א דעפיציט פון זיבן הונדערט דאלאר. עס איז דאן באשלאסן געווארן דורך א רעפערענדום צו דעקן דאס דורך אן אסעסמענט. ביז היינטיקן יאר איז דאס ניט דורכגעפירט געווארן, און דער דעפיציט איז געשטיגן ביז צוויי און צוואנציג הונדערט דאלאר. מיר האבן וועגן דעם אנגענומען די פאלגענדע רעזאלוציע:

מיר רעקאמענדירן צו העכערן דעם טעקס פאר עדיוקיישאנאל ארבעט פון 3 סענט אויף 5 סענט א קווארטל.

עס ווערט אבער פארשטאנען, אז פריער פון אלץ זאל די עדיוקיישאנאל קאמיטע דעקן די אלע פארבליבענע דעפיציטן פון די פריערדיקע יארן.

דער פארשלאג ווערט גוטגעהייסן. עס ווערט דערביי פארשטאנען, או דער עקסטרא טעקס איז נאר פאר'ן קומענדן יאר, ווייל מען מוז דעקן די אלע דעפיציטן און דערמיט געבן דער עדיוקיישאנאל קאמיטע א מעגלאכקייט צו קאנען פריי טאן איר ארבעט.

2) וועגן „פריינד“. עס איז געווען באריכטעט, אז דער „פריינד“ איז ארויסגעגעבן געווארן בלויז אכט מאל. אונזער קאמיטע האט באשלאסן, אז דער „פריינד“ מוז דערשיינען יעדן מאנאט, מאכט ניט אויס וואס די אומשטענדן זאלען ניט זיין (ד. ה. עלף מאל, ווייל דער קאנווענשן נומער אנטהאלט צוויי מאנאטן).

ווערט אנגענומען.

3) וועגן אן אדווערטייזינג דעפארטמענט אין אונזער „פריינד“, רעקאמענדירן מיר, אז די קומענדע קאמיטע זאל אונטערזוכן די מעגלאכקייט פון איינפירן אן אפטיילונג פאר אדווערטייזמענטס, און אויב עס קען זיך באצאלן, זאל עס געטאן ווערן.

4) עס איז דא א מיינונג ביי אונזער קאמיטע, אז דער „פריינד“ זאל זיין בלויז א בולעטין, אין וועלכן עס זאלן דערשיינען די פארשידענע באריכטן פון עקזעקוטיווס און ברענטשעס, און דאס זאל געשיקט ווערן צו אלע מיטגלידער. עס זאל אויך ארויסגעגעבן ווערן א ליטערארישע אפטיילונג, וואס זאל זיין א באזונדער אויסגאבע און זאל געשיקט ווערן צו די, וואס וועלן זיך דערויף סובסקרייבן. די קאמיטע רעקאמענדירט, אז דער דאזיקער פלאן זאל שטודירט ווערן און א באריכט זאל וועגן דעם געבראכט ווערן צו דער עדיוקיישאנאל קאמיטע צו דער נעקסטער קאנווענשן.

דער דאזיקער פארשלאג ווערט נידערגעשטימט.

5) די הויפט-שוועריגקייט, ווי עס איז דערקלערט געווארן פון טשערמאן פון עדיוקיישאנאל קאמיטע, איז דאס, וואס פילע קריגן ניט דעם „פריינד“, ווייל די עקספעדיציע איז ניט אויף קיין גוטן באדן. מען דארף האבן מערער געלט, כדי צו שאפן א גוטע סיסטעם. מיר רעקאמענדירן וועגן דעם דאס פאלגענדע:

„בעמענדיק אין אנבאטראכט דעם אומגעהייערן וואוקס פון אונזערע ברענטשעס, ווי אויך פארשידענע פארלאנגען פון פאסט-אפיס צו מאכן ענדערונגען אין דער עקספעדיציע, אנערקענענדיק אויך, דאס די אורזאך פון קענען שאפן א בעסערע סיסטעם פון עקספעדיציע איז פארבונדן מיט עקסטרא אויסגאבן, רעקאמענדירן מיר, אז עס זאל ארויפגעלייגט ווערן אן עקסטרא טעקס פון צוויי סענט, א חוץ דעם שטענדיקן אכט-סענטיקן טעקס, בלויז אויף היינטיקן יאר. דאס וועט זיין א מין פראבע: וועלן זיי קענען שאפן א בעסערע סיסטעם, וועט

דאָס אויף דער נעקסטער קאָנווענשן אָנגענומען ווערן אויף שטענדיג. אויב אָבער עס וועט זיך ניט איינגעבן, וועט דאָן דער טעקס אָפּגעשאַפט ווערן.״

עס ווערט געמאַכט אַן אַמענדמענט צו מאַכן אַ טעקס בלויז אויף איין סענט.

פר. פיינערמאַן אַפּעלירט מען זאָל געבן דער קאָמיטע אַ געלעגנהייט דורכצופירן די אַרבעט ווי עס דאַרף צו זיין און באַווייליקן די רעקאָמענדאַציע פון אַ צוויי־סענטיקן טעקס.

עס ווערט אויפגעהויבן די פראַגע, צי פאַר דעם באַשלוס איז נייטיק אַ געוויינלאַכע מאַיאָריטעט, אָדער דער טעקס דאַרף האָבן צוויי־דריטל שטימען פון קאָנווענשן, אום צו ווערן גוטגעהייסן.

פר. י. לעווין זאָגט, אַז צוויי־דריטל איז ניט נייטיק, ווייל דאָס איז ניט קיין בענעפיט. דאָס איז בלויז אַ העכערונג אין טעקס, כדי בעסער דורכצופירן דעם אַלטן געזעץ, און פר. לאַנדאָן האָט אים געזאָגט, אַז מען מוז פאַר דעם ניט האָבן קיין מאַיאָריטעט פון צוויי־דריטל.

דער טשערמאַן רולט, אַז מען מוז האָבן צוויי־דריטל שטימען אין פראַגן, וואו עס האַנדעלט זיך וועגן ענדערן אַ פּאַראַגראַף אין דער קאָנסטיטוציע. פר. זאַלצמאַן אַפּעלירט נעגן דער אַנטשיידונג, אָבער די קאָנווענשן הייסט גוט די אַנטשיידונג פון טשערמאַן, אַז אין יעדער פראַגע פון העכערונג פון געלט אָדער ענדערן די קאָנסטיטוציע, מוזן מען אומבאַדינגט האָבן צוויי־דריטל שטימען פון די דעלעגאַטן צו דער קאָנווענשן און אַ מאַיאָריטעט שטימען פון רעפערענדום.

עס ווערט צוערשט געשטימט איבער דעם, צי מען זאָל איבערהויפּט העכערן דעם טעקס פאַר׳ן „פריינד“. דער פאָרשלאַג פאַלט דורך, און דערמיט ווערט נידערגעשטימט סיי דער פאָרשלאַג פון צוויי סענט און סיי דער אַמענדמענט פון איין סענט.

6) וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, אויף וויפיל זי האָט אַ שייכות מיט׳ן „פריינד“:

מיר אינסטרואירן דער קומענדער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, און דעם רעדאַקטער פון „פריינד“, צו האָבן אַן אָפּטיילונג וועגן קאָאָפּעראַטיוון, אין וועלכע עס זאָל אַריינגענומען ווערן באַריכטן וועגן אַרבייטער רינג קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

איינשטימיק אָנגענומען.

7) פאַרוואַלטונג איבער די שולן. אַלע לערער און סעקרעטאַרן זאָלן צוגעצויגן ווערן צו דער פאַרוואַלטונג פון עדיוקיישאַן מיט באַראַטונגס־רעכט. דאָס, רעקאָמענדירט די קאָמיטע, זאָל ווערן צוגעזעצט צו דער רייע רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן ביי דער קאָנווענשן לעצטן יאָר. עס איז אין אַרבייטער רינג דאָ אַ טראַדיציע, אַז פאַרשידענע אָנגעשטעלטע האָבן ניט קיין שטימרעכט, און לויט דער דאָזיקער אָנגענומענער טראַדיציע רעקאָמענדירט די קאָמיטע, אַז זיי זאָלן געגעבן ווערן בלויז באַראַטונגס־רעכט.

ווערט אָנגענומען.

8) די שולן־באַוועגונג הײַנט צו טאָג, וועלכע איז נאָך איצט אין די קינדער־יאָרן, קענען מאַנכע פון זיי האַנדלען ווי זיי אַליין דענקען און פאַרשטיין. מיר ווילן אָבער שאַפן אַן איינהייטלאַכע פאָרם פון קאָנטראָל און אָרגאַניזאַציע. מיר געבן איבער די שולן אין די הענט פון די שטאָטישע בילדונגס־קאָמיטעטן, און אין שטעט, וואו אַזעלכע זיינען ניט פאַראַן — אין די הענט פון די דיסטריקט קאָמיטעטן. דער בילדונגס־קאָמיטעט ווערט אויפגעפאָדערט אויפצופאַסן אויף די עקזיסטירנדע אַרבייטער רינג שולן, כדי אַרויסצוהעלפן די לערער און פאַרוואַלטער אין די שולן און אָבטונג צו געבן, אַז די למודים זאָלן געפירט ווערן לויט דער אָנגענומענער פּראָגראַם פון אַ. ר. קאָנווענשן.

דער צוזאַמענפאָר פון די אַ. ר. שולן זאָל יעדן יאָר פאָרקומען אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם ערשטן מאַי, כדי די שולן זאָלן קענען פייערן דעם יום־טוב פון ערשטן מאַי.

ווערט אָנגענומען.

עס ווערט געפרעגט, פון וואַנען וועלן געדעקט ווערן די קאָסטן פון דעם צוזאַמענפאָר? דער טשערמאַן דערקלערט, אַז די קאָסטן וועלן געדעקט ווערן פון דעם שול־פאָנד.

9) נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז זעהר פיל מיטגלידער פון אַרבייטער רינג זיינען ניט באַקאַנט מיט די צילן און אויפגאַבן פון די אַ. ר. שולן, ווערט די קומענדע עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע אויפגעפאָדערט דורכ׳ן „פריינד“ און אַנדערע מיטלען צו באַקענען וואָס ברייטער די מיטגלידער מיט די אויפגאַבן פון די אַ. ר. שולן.

10) די קאָנווענשן פאָדערט אויף די ציטונגען, וועלכע דער אַרבייטער רינג האָט אָפיציעל אַנערקענט, אָפּצוגעבן געוויסע פּלאַץ פאַר נאָטיצן און באַריכטן, ווי אויך אַרטיקלען וועגן דער שול־באַוועגונג.

ווערט אָנגענומען.

1) וועגן לערער־קורסן. אַנערקענענדיק די נויטווענדיגקייט פון צוגרייטן פאַסיקע לערער פאַר די אַרבייטער רינג קינדער־שולן, וואָס זאָלן זיין פעאיק צו דערציען די קינדער אין איינקלאַנג מיט די צילן פון אונזערע שולן, פאָדערט די קאָנווענשן אויף דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע צו אָרגאַניזירן קורסן פאַר אַזעלכע לערער.

ווערט אָנגענומען.

12) דער לעצטער און הויפּט־פּונקט וועגן אַן ענדערונג אין שול־טעקס. ד קאָמיטע האָט זיך געאייניגט איינשטימיק צו רעקאָמענדירן אַ מינימום־טעקס־העכערונג, וואָס איז אומבאַדינגט נייטיק. די רעזאָלוציע איז ווי פאָלגט:

נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז די אַ. ר. שולן־באַוועגונג וואַקסט אַלס ברייטער און ברייטער, און מיט דעם וואוקס פון דער שולן־באַוועגונג איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיגקייט פאַר קורסן אויף צוגרייטן לערער און ליטעראַטור פאַר די קינדער און פאַרשידענע שול־מכשירים, באַשליסט די קאָנווענשן צו העכערן דעם שול־טעקס פון 8 אויף 9 סענט.

די רעקאָמענדאַציע ווערט גענומען צו אַן אָפּשטימונג אָן דעבאַטן, און ווערט אָנגענומען כמעט איינשטימיק.

מר. בעפּעל, אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו־יאָרקער „קאָל“, באַגריסט די קאָנווענשן. ער אַפּעלירט, די קאָנווענשן זאָל אָננעמען אַ באַשלוס צו שטיצן די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

פר. וואָלאָס לייענט פאָר ווייטערע רעזאָלוציעס פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז דורך דער פאַרייניגונג פון דעם לייבאָר ליג מיט דעם אַרבייטער רינג האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע פאַר דעם סעקרעטאַר פון דעם לייבאָר ליג, וועלכער איז געוועזן געטריי און איבערגעבן, און געאַרבעט פאַר דעם אַרבייטער רינג געגן זיינע אייגענע אינטערעסן, באַשליסט די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע צו בעטן די נעקסטע עקזעקוטיוו, מען זאָל די לאַגע נעמען אין אַנבאַטראַכט און האַנדלען ווי געהעריק.

איינשטימיק אָנגענומען.

צו באַדאַנקען די קאָנווענשן אַראַנזשמענט קאָמיטע.

נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז די קאָנווענשן אַראַנזשמענט קאָמיטע האָט געטאָן איר בעסטעס צו שאַפן באַקוועמליכקייט פאַר די דעלעגאַטן אין באָסטאָן, באַשליסט די קאָנווענשן צו באַדאַנקען די קאָמיטע פאַר איר מי.

ווערט גוטגעהייסן.

רעזאָלוציע צו באַדאַנקען די פריינדע ל. ראָטהמאַן און פ. יודיטש, די רעדאַקטערע פון אונזער „בולעטין“, ספּעציעל פאַר די גוטע קיבעצן, וואָס זיי האָבן געגעבן די דעלעגאַטן.

עס איז די מיינונג פון דער קאָמיטע, אַז די דעלעגאַטן זאָלן קריגן אַ סעט „בולעטינס“, און עס זאָל אויך אַרויסגיין אַ נומער, אין וועלכן עס זאָלן דערשיינען די פּראָטאָקאָלן פון די לעצטע פאַרהאַנדלונגען. — אָנגענומען.

פר. אַשפּיז מאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די רעדאַקטערע פון דעם „בולעטין“ זאָלן באַקומען מתנות פאַר זייער שווערער אַרבעט.

דער פאָרשלאַג ווערט גוטגעהייסן.

עס האָט זיך לעצטנס געגרינדעט אַ באַוועגונג צווישן אינדיווידועלע מיטגלידער צו שאַפן אַ האָספּיטאַל אין סאָוויעט רוסלאַנד. די קאָנווענשן דריקט אויס איר וואונש, אַז די דעלעגאַטן זאָלן זען, אַז דער דאָזיקער פּלאַן זאָל געשטיצט ווערן אויף אַ געהעריקן אופן פון די ברענטשעס.

איינשטימיק גוטגעהייסן.

רעזאָלוציע אויסצודריקן אונזער באַגייסטערונג און סימפּאַטיע צו די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָף אַמעריקא פאַר׳ן שווערן קאַמף, וועלכן זיי פירן דורך.

איינשטימיק אָנגענומען.

רעקאָמענדאַציע נאָך אַמאָל אויסצודריקן אַ דאַנק צו דעם סעקרעטאַר און הילפס־סעקרעטאַריאַט (מיינענדיק די סטענאָגראַפערינס) פאַר זייער גוטער אַרבעט.

איינשטימיק אָנגענומען.

עס ווערט אויפגעהויבן די פראַגע, ווי אַזוי עס זאָלן אָנגיין די וואַלן פאַר באַאַמטע אויף טשערמאַן, וויס־טשערמאַן, טרעזשורער, און סעקרעטאַר — צי מען זאָל שטימען אָפן אָדער דורך אַ געהיימען באַלאָט.

פר. באַסקין דערקלערט, אַז מיר דערוויילן די באַאַמטע

היינטיקן יאָר ביי דער קאָנוועגשן דערפאַר, ווייל זיי דאַרפן אַזוי ערוויילט ווערן לויט דעם טשאַרטער. עס איז אָבער ניטאָ קיין פּונקט וועגן דעם, צי עס זאָל זיין געהיימע וואַלן אָדער אָפענע.

פר. לאַנדאַן דערקלערט, אַז לויט דער פּראָצעדור דאַרפן די באַלאָטס־אָפּשטימונגען געפירט ווערן ווי פאָלגט: אויב עס איז דאָ איין קאַנדידאַט פאַר אַ געוויסן אַמט, קען ער ערוויילט ווערן איינשטימיק דורך איין באַלאָט; דאָרט, וואו עס זיינען דאָ צוויי קאַנדידאַטן, מוז געמאַכט ווערן אַ באַלאָט, און די קאָנ־ווענשן דעלעגאַטן זאָלן שטימען וועלכן פון די קאַנדידאַטן זיי ווילן ערוויילן פאַר דעם באַטרעפנדן אַמט.

די קאָנווענשן איז אָבער מיט דער מיינונג, אַז עס זאָל זיין אַ געהיימער באַלאָט פאַר אַלע באַאַמטע, און ווען עס לויפט בלויז איינער אויפ'ן באַלאָט, זאָל מען שטימען דאַפיר און דאַגעגן.

עס ווערן פאָרגענומען נאָמינאַציעס פאַר נאַציאָנאַלע באַ־אַמטע, און פאָלגענדע נעמען אָן די נאָמינאַציעס:

פאַר טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע — י. וויינבערג.

פאַר עקזעקוטיוו סעקרעטאַר — מ. י. אשפּיז.

פאַר וויס־טשערמאַן — י. ראָבערטס, ב. לעוויטאַן, מ. י. אייבערעמס.

פאַר טרעזשורער — ל. ראָטהמאַן, נ. פריימאַן נ. ליטאַוער.

דער טשערמאַן דערקלערט, אַזוי ווי עס דאַרף געמאַכט ווערן אַ באַלאָט, וועט די אָפּשטימונג פאָרקומען נאָכמיטאָג. די סעקרעטאַרן ווערן באַאויפטראַגט אַזאַ באַלאָט צו פאַרפערטיקן ביז דער נעקסטער זיצונג.

פר. וויינבערג ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן פאַר דער נעקסטער זיצונג, און פר. איזגאַר, פון לאָס־אַנדזשעלעס, אַלס וויס־טשערמאַן.

דערמיט שליסט זיך די צענטע זיצונג.

---

## עלפטע זיצונג, שבת, 2 אַ זייגער נאָכמיטאָג

די 11־טע זיצונג ווערט ערעפנט מיט פר. וויינבערג, פון ניו־יאָרק, אַלס טשערמאַן, און פר. איזגאַר, פון לאָס אַנדזשעלעס, אַלס וויס־טשערמאַן. עס ווערט באַשלאָסן, אַז די וואַלן פאַר די נאַציאָנאַלע באַאַמטע זאָלן שטאַטפינדן 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג.

די קאָמיטע אָן אָפּיסערס רעפּאָרט גיט אָפּ איר באַריכט. זיי האָבן זיך קאָנסטיטואירט מיט פר. ליטאַוער, פון ניו־יאָרק, אַלס טשערמאַן, און פר. טווערסקי, פון וואָטערבורי, אַלס וויס־טשערמאַן. זיי לעזן פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

די קאָמיטע אָן אָפּיסערס רעפּאָרטס, דורכלעזנדיק פאָרזיכטיק די באַריכטן פון אַלע אונזערע פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעען, אַזוי גוט ווי פון דעם נאַציאָנאַלן טשערמאַן און גענעראַל־סעקרעטאַר, געפינען, אַז אַלע אָן אויסנאַם האָבן געטאָן זייער אַרבעט לעצטן יאָר ערלאַך און אויפריכטיק. און זיי רעקאָמענדירן צו באַדאַנקען אַלע קאָמיטעען, אויך די פריינד באַסקין און גאַליבטער און אויך אַלע אָפּיס־אַנגע־שטעלטע, פאַר זייער איבערגעגעבענער אַרבעט.

דער באַריכט ווערט אָנגענומען, און אַלע דעלעגאַטן שטעלן זיך אויף פון זייערע פלעצער אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט.

די קאָמיטע רעקאָמענדירט צוריקצואווייזן דעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָף דירעקטאָרן אין באַצוג דער קיים פון בר. 184 פון האַרטפאָרד. זיי באַגרינדן זייער מיינונג דערמיט, וואָס דער צווייטער צד איז דאָ ניט דער אָנקלעגער, נאָר דער בראַנטש, און נאָכדעם ווי דער בראַנטש און דער אָנ־געקלאָגטער זיינען געווען צופרידן מיט דער אַנטשיידונג פון דער נאַציאָנאַלער גריוועגס קאָמיטע, האָט דער אָנקלעגער (פון בראַנטש) קיין רעכט ניט צו אַפּעלירן געגן באַשלוס פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע, און די נאַצ. באָרד דירעקטאָרן האָט ניט געהאַט קיין מאָראַלע רעכט די קיים פאָרצונעמען. די דאָ־זיקע פּרינציפּיעלע אויסטייטשונג פון דער קאָמיטע אָן אָפּיסערס רעפּאָרטס ווערט פון דער קאָנווענשן גוטגעהייסן.

פר. לאַנגער באַריכטעט פון דער האָום־אָפּיס קאָמיטע, פון וועלכער ער איז דער טשערמאַן, און פר. מאַלאָט — דער סעק־רעטאַר.

מיר האָבן באַטראַכט די נויטווענדיגקייט צו האָבן אַ היים פאַר אונזערע אַלטע מיטגלידער. נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז די פראַגע מוז גוט שטודירט ווערן, האָבן מיר באַשלאָסן איבערצוגעבן צו דער עקזעקוטיווע, זי זאָל אויסאַרבעטן פאַרשידענע טאַבעלן און ברענגען אַ רעקאָמענדאַציע צו דער נעקסטער קאָנווענשן ווי צו זאַמלען אַ פאָנד אַזוי, אַז אין יאָר 1930 זאָל מען קענען בויען אַזאַ הויז.

איינשטימיק גוטגעהייסן.

עס איז אין די רעפּאָרטס פון די פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעען אָנ־געוויזן געוואָרן, אַז עס איז ניטאָ גענוג פּלאַץ אין אָפּיס אָנצוגיין מיט דער אַרבעט, און דעבאַטירנדיק די פראַגע און איינזעהענדיק די נויטווענדיגקייט פון אַ גרעסערן פּלאַץ פאַר אַן אָפּיס, האָבן מיר באַשלאָסן צו רעקאָמענדירן, אַז די 21־טע קאָנווענשן אין באָסטאָן זאָל אינסטרואירן די עקזעקוטיווע צו בויען אַ האָום־אָפּיס, צוזאַמען מיט אַן אודיטאָריום. די אויסגאַבן פון דער אודיטאָריום זאָלן דעקן די ניו־יאָרקער בראַנטשעס. עס זאָל ערוויילט ווערן אַ קאָמיטע פון פינף, וועלכע זאָל אָנשטעלן אַרכיטעקטן און אויסגעפינען וויפיל אַזאַ ביל־דינג דאַרף קאָסטן, און אַריינברענגען אַ באַריכט צו דער נעקסטער קאָנווענשן.

דער טשערמאַן דערקלערט, אַז דער אודיטאָריום זאָל נאָר דאַן גענומען ווערן אין אַנבאַטראַכט, ווען די ניו־יאָרקער בראַנ־טשעס וועלן וועלן דעקן די אויסגאַבן, אויב ניט זאָל די עקזע־קוטיווע ברענגען צו דער נעקסטער קאָנווענשן אַ רעקאָמענדאַציע פאַר אַ האָום־אָפּיס אַליין.

פר. פעלדמאַן איז געגן דעם, אַז מען זאָל עס דאַרפן באַ־ריכטן צו דער נעקסטער קאָנווענשן. ער גלויבט, אַז די עק־זעקוטיוו קאָמיטע זאָל אינסטרואירט ווערן אַליין צו האָבן דאָס רעכט איבער דער פראַגע.

די פראַגע ווערט גענומען צום אָפּשטימען און די קאָנ־ווענשן ווייזט צוריק די גאַנצע רעקאָמענדאַציע פון דער קאָ־מיטע וועגן אַן אייגענעם האָום־אָפּיס.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז די עקזעקוטיווע זאָל האָבן אַ רעכט צו מאַכן אַלע באַקוועמלאַכקייטן, וואָס זיינען נאָר נייטיק אין אָפּיס פון אַ. ר., און זאָלן דינגען נאָך אַ פלאָר, אויב נייטיק.

דער באַריכט פון דער קאָנסטיטוציאָנס קאָמיטע ווערט אָפּגעגעבן פון פר. גאָלדין, פון ניו־יאָרק, פון וועלכער ער איז דער טשערמאַן, און פר. קאַצמאַן, סינסינעטי, סעקרעטאַר.

ער דערקלערט, אַז פאַרשידענע פראַגן, איבער וועלכע די קאָמיטע האָט געהאַנדלט, גייען אַרונטער פון טאָג־אָרדנונג דער־פאַר, ווייל געוויסע פּונקטן זיינען שוין פאַרהאַנדלט און באַ־שלאָסן געוואָרן ביי דער קאָנווענשן. צום ביישפּיעל, דער פּונקט וועגן דעם, צי קאָנווענשנס זאָלן געהאַלטן ווערן צוויי־יערלאַך, וועלכער איז שוין פריער באַשלאָסן געוואָרן.

1) אַרטיקל 3, פּאַראַגראַף 8, זאָל אַמענדירט ווערן און זאָל גע־לעזן ווערן ווי פאָלגט: „וועלכע ווילן זיך אינשורן אין סערער ווי פיר הונדערט, ביז טויזענט דאָלאַר.“

2) עס זאָל אַמענדירט ווערן דער פּונקט וועגן מעמבערס עס לאַרדזש, אַז ווען זיי קומען אין אַ שטאָט, וואו עס איז דאָ אַן אַר־בייטער רינג בראַנטש, זאָלן זיי מוזן זיך אָנשליסן אָן אַ בראַנטש אין פאַרלויף פון 6 מאָנאַטן.

3) אַרטיקל 18, פּאַראַג. 7, זאָל אַמענדירט ווערן אַזוי, אַז דער סעקרעטאַר זאָל נאָר דאַן קענען רופן אַ ספּעשעל מיטינג פון דער נ. ב. אָף ד., ווען אַ מאַיאָריטעט דירעקטאָרן שטימען איין דערצו.

4) אַרטיקל 18, פּאַראַג. 11, וועגן דער פאַרטרעטערשאַפט פון די נ. ב. אָף ד. צו דער קאָנווענשן זאָל צוגעשטעלט ווערן צום ענדע: „צו וועלכער זיי זאָלן זיין באַרעכטיקט צו שיקן איין פאַרטרעטער.“

5) אַרטיקל 12, פּאַראַג. 13, וועגן עקספּענסעס פאַר דעלעגאַטן צו געוויינלאַכע (קליינע) קאָנווענשנס, זאָל נאָך די ווערטער: „וואָס די קאָנווענשן מיטעט“, צוגעזעצט ווערן: „לויט דעם באַשלוס פון קאָנווענשן.“

6) אַרטיקל 22, פּאַראַג. 5, זאָל שטיין, אַז אַ דעלעגאַט צו אַן אויסערגעוויינלאַכער קאָנווענשן זאָל קריגן 5 דאָלאַר אַ טאָג אָנשטאָט 3 דאָלאַר.

7) אַרט. 23, פּאַראַג. 1, זאָל צוגעשטעלט ווערן, אַז די נאַצ. עקז. קאָמיטע זאָל האָבן דאָס רעכט צו רופן ספּעציעלע קאָנווענשנס, אויף וועלכע מען זאָל קענען אַמענדירן געזעצן, וואָס זיינען נייטיק כדי דער אַרבייטער רינג זאָל ווערן געזעצלאַך און קריגן טשאַרטערס אין געוויסע סטייטס. די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל האָבן דאָס רעכט צו באַשטימען פון וויפיל דעלעגאַטן אַזאַ ספּעציעלע קאָנווענשן זאָל באַ־שטיין און אויך ווי די ערוויילונג צו דער ספּעציעלער קאָנווענשן זאָל זיין. די דעלעגאַטן צו אַזאַ קאָנווענשן זאָלן קענען האַנדלען נאָר וועגן אַזעלכע אַמענדמענטס, צוליב וועלכע זי איז איינבערופן געוואָרן.

8) אַרטיקל 24, פּאַראַג. 4, זאָל זיך לעזן, אַז „די קאָנווענשן זאָל ערוויילן אַ סעקרעטאַריאַט פון 8“ (אָנשטאָט 1 סעקרעטאַר).

9) אַרטיקל 24, פּאַראַג. 8, נום. ד, זאָל אַרויסגעוואָרפן ווערן אינגאַנצן.

10) אַרטי. 25, פּאַראַג. 11, זאָל צוגעזעצט ווערן דער פּונקט,

וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי די פּאָריגע קאָנווענשנס, אַז קיין מיטגליד אין דער נאַצ. עקז. קאָמיטע זאָל נים קענען זיין אין אַמט מער ווי 3 יאָר נאָכאַנאַנד.

11) אַרט. 25, פּאַראַג. 2, זאָל צוגעשטעלט ווערן, דאָס ביי דער קאָנפערענץ צו מאַכן נאָמינאַציעס פאַר קאַנדידאַטן צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע זאָלן ערווילט ווערן צוויי ציילער פון קאָנפערענץ, וועלכע זאָלן צוזאַמען מיט די אָנגעשטעלטע פון אָפּיס ציילן די באַלאָטס.

דער רעפּאָרט פון דער קאָנסטיטושן קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן אַלס אַ גאַנצער.

עס ווערן דאַן פאָרגענומען וואַלן פאַר נאַציאָנאַלע באַאַמטע. דער טשערמאַן אַפּאָינטער אַ ציילער־קאָמיטע פון 3 באַשטייענד פון פאָלגענדע פריינד: נ. פיינערמאַן, דר. ל. פּאַלמער, און אַ. רינערשטיין. די באַלאָטס ווערן אויסגעטיילט צו די דעלעגאַטן.

די פאַרוואַלטונג קאָמיטע באַריכטעט דורך פר. שפּייער, טשערמאַן, און פר. לאַנדסבערג, סעקרעטאַר. זיי רעקאָמענדירן, אַז די מיטגלידער פון לייבאָר ליג און פון ארבייטער רינג זאָלן קענען העכערן זייער אינשורענס אויף 6 הונדערט, 8 הונדערט, און טויזענט דאָלאַר. דאָס איז בלויז פאַר אַלטע לייבאָר ליג מיטגלידער פון מאַסאַטשוזעטס סטייט. די נייע אריינגעקומענע מיטגלידער וועלן האָבן די זעלבע רעכטן ווי די מיטגלידער איבער'ן גאַנצן לאַנד. די רעקאָמענדאַציע ווערט גוטגעהייסן.

אום צו דעקן דעם דעפיצט אין אדמיניסטריישן פאָנד, רעקאָמענדירן זיי צו העכערן די דיוס פאַר דעם פאָנד מיט 4 סענט. — אָנגענומען.

דער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וועלכער לויטעט, אַז מען דאַרף שיקן 10 טעג פאַר שטרייק־אָוועגט רעדזשיסטרירטע בריף צו די מיטגלידער, זאָל געענדערט ווערן אין דעם זין, אַז די רעדזשיסטרירטע בריף זאָלן געשיקט ווערן בעפאָר שטרייק־אָוועגט. דער דאָזיקער פּונקט ווערט גוטגעהייסן.

זיי רעקאָמענדירן אָפּצושאַפן דעם 1 פּראָצענט איינטריטס־געלט. אויף אַ פאָרשלאַג פון פר. אייב עפּשטיין, ווערט באַשלאָסן די דאָזיקע פראַגע איבערצוגעבן צו דער עקזעקוטיוו צו שטודירן און אריינברענגען אַ רעקאָמענדאַציע צו דער נעקסטער קאָנווענשן.

זיי רעקאָמענדירן, אַז דער אַלטער פּונקט, אַז אַ מיטגליד זאָל ניט קענען זיין אין דער פאַרוואַלטונג מער ווי 3 יאָר נאָכאַנאַנד, זאָל אויך ווייטער אריינגיין אין דער קאָנסטיטוציע. די דאָזיקע רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

זיי רעקאָמענדירן, אַז דער אָפּיס זאָל זיין שטרענג צו די ברענטשעס און אויספּאַסן, אַז זיי זאָלן ניט זיין שולדיק מער ווי 10 פּראָצענט פון זייערע בילס צום גענעראַל־אָפּיס. ווערט גוטגעהייסן.

זיי רעקאָמעדירן, אַז קאָנווענשנס זאָלן אין דער צוקונפט אָפּגעהאַלטן ווערן אַלע 2 יאָר. פריינד פעלדמאַן, פון ניו־יאָרק, מאַכט אַ פּאָינט צום געשעפטס־אָרדנונג. ער דענקט, אַז נאָכדעם ווי מיר האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז עס זאָל נעקסטן יאָר געהאַלטן ווערן אַ קאָנווענשן, קען די דאָזיקע פראַגע נאָכאַמאָל ניט אויפגענומען ווערן. דער טשערמאַן דערקלערט, אַז דאָ האַנדלט זיך אום אַ קאָנסטיטוציאָנעלע פראַגע. די קאָמיטע רעקאָמענדירט די דאָזיקע ענדערונג צו דער קאָנסטיטוציע, וועלכע וועט דאַרפן גיין צו אַ רעפערענדום צו די מיטגלידער, און אויב אָנגענומען, וועט דאָס ווערן אַ געזעץ אויף שטענדיק, און דאָס האָט ניט צו טאָן מיט דעם באַשלוס, וועלכן מיר האָבן אָנגענומען צו האָבן אַ קאָנווענשן נעקסטן יאָר. פר. פעלדמאַן אַפּעלירט געגן דעם טשערמאַנס אַנטשיידונג, און די קאָנווענשן הייסט גוט דעם אַפּיל, און דאָס מיינט אַז די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע איז דורכגעפאַלן.

זיי רעקאָמענדירן אויך, אַז אַלע מאַסן־אונטערנעמונגען, ווי צום ביישפּיל, קאָנצערטן, מאַסן־מיטינגען, און לעקטשורס, וועלכע זיינען ביז איצט געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, זאָלן איבערגיין אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, צוזאַמען מיט'ן בודזשעט וועלכער באַלאַנגט די אויבענדערמאָנטע אונטערנעמונגען. אַלע אַנדערע פונקציאָנען, ווי די „פריינד" פּובליקאַציע, ביכער, און שולן, בלייבן, ווי געווען, ביי דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. די רעקאָמענדאַציע ווערט איינשטימיק אָנגענומען.

גענאָסע מאיר לאָנדאָן, לינל אדוויזער, לעזט דאַן פאָר די פאָלגענדע רעזאָלוציע וועגן פאַרייניגונג מיט'ן לייבאָר ליג:

1) זיי עס באַשלאָסן, אַז דער פּרעזידענט און דער סעקרעטאַר פון דעם אַרבייטער רינג פירן דורך דעם אויבענדערמאָנטן אָפּמאַך צווישן דעם לייבאָר ליג און דעם אַרבייטער רינג.

2) זיי עס באַשלאָסן, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע, דורך אירע באַאַמטע, זאָלן זיך ווענדן צו דעם סופּערינטענדענט פון אינשורענס פון ניו־יאָרק סטייט, און צו דעם אינשורענס קאָמישאָנער אף די קאמנוועלטה פון מאַסאַטשוזעטס, פאַר דער גוטהייסונג פון דעם אויבנדערמאָנטן אַגרימענט.

3) זיי עס ווייטער באַשלאָסן, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע, דורך אירע באַאַמטע, זאָלן אויסמאַכן און אונטערשרייבן דאָקומענטן, און נעמען די נייטיקע שריטע דאָס דורכצופירן.

פר. לאָנדאָן רעקאָמענדירט אויך, אַז בעפאָר די עקזעקוטיוו וועט ענדערן דעם באַשלוס פון העכערן די קראַנקן־בענעפיט, זאָל זי זיך באַראַטן מיט דעם עקטשוערי פון דעם אַרבייטער רינג, וועלכער זאָל דורך אַ געשוואָרענעם סטייטמענט באַשטעטיקן, אַז די 15 סענט העכערונג וועט זיין פינאַנציעל גענוג צו דעקן די העכערונג פון דעם קראַנקען בענעפיט. און אויב דער עקטשוערי וועט עס נ י ט באַשטעטיקן, זאָל דער דאָזיקער באַשלוס, צו העכערן די קראַנקן־בענעפיט, אָפּגעהאַלטן ווערן ביז דער נעקסטער קאָנווענשן. די דאָזיקע רעקאָמענדאַציעס ווערן אָנגענומען.

פר. דר. פּאַלמער באַריכטעט, אַז זיי האָבן איבערגעציילט די שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די קאַנדידאַטן פאַר נאַציאָנאַלע באַאַמטע:

פאַר'ן קאַנדידאַט פאַר טשערמאַן: י. וויינבערג — 71 פאַר, און 77 געגן.

פאַר וויים־טשערמאַן: י. ראָבערטס, 76 ב. לעוויטאַן, 44; ס. אייבראַמס, 33.

פאַר עקזעקוטיוו סעקרעטאַר: מ. י. אשפּיז — 129 פאַר, 14 געגן.

פאַר טרעזשורער: ל. ראָטהמאַן, 96; נ. פריימאַן, 17; נ. ליטאַוער, 32.

דער טשערמאַן דערקלערט פר. ראָבערטס ערווילט אַלס וויים־טשערמאַן; פר. מ. י. אשפּיז אַלס עקז. סעקרעטאַר; און פר. ל. ראָטהמאַן אַלס טרעזשורער. פאַר'ן אַמט פון טשערמאַן ווערן געמאַכט נייע נאָמינאַציעס.

די פריינד ר. גוסקין און ר. זאַלצמאַן נעמען אָן אַלס קאַנדידאַטן פאַר טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע.

דער רעזולטאַט פון דער צווייטער אָפּשטימונג פאַר טשערמאַן פון אַרבייטער רינג איז ווי פאָלגט: 57 שטימען פאַר פר. גוסקין, און 53 פאַר פר. זאַלצמאַן. פר. גוסקין ווערט דערקלערט אַלס נאַציאָנאַלער טשערמאַן פון אַרבייטער רינג.

פר. וויינבערג דערקלערט, אַז די אָפיציעלע ביזנעס פון קאָנווענשן זיינען צו ענד, און אַז ער טרעט צו צו דער שליסונג פון קאָנווענשן. ער האַלט אַ קורצע רעדע:

פריינד דעלעגאַטן:

די אַרבעט פון קאָנווענשן איז צו ענד. עס זיינען דאָ פיל דעלעגאַטן, וועלכע וועלן זיין אַביסל אַנטוישט די ערשטע עטלאַכע טעג, ווען זיי וועלן צוריקקומען אַהיים, אָבער ווען זיי וועלן לעזן די פּראָטאָקאָלן און זען וואָס די קאָנווענשן האָט אויפגעטאָן, וועלן זיי שטאַרק באַגייסטערט ווערן פאַר'ן אַרבייטער רינג. איין זאַך מוזן מיר געדענקן: זאָל כבוד ניט שטיין העכער פון די אינטערעסן פון 84 טויזענט מיטגלידער, וועלכע, מיט זייערע פאַמיליען, קענען צוזאַמענשטעלן אַ שטאָט פון אַ פערטל מיליאָן מענשן. מיר מוזן פאַרגעסן אָן פּערזענלאַכע קריוודעס. זאָלן די דעלעגאַטן, קומענדיק אַהיים, ברענגען אַ גרוס צו די ברענטשעס, איבערגעבנדיק די אידעאַלן, פאַר וועלכע דער אַרבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרן, און זאָלן פאָרזעצן די זעלבע גוטע אַרבעט מיט דער זעלבער איבערגעבנהייט, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן ביז יעצט.

איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז די צייט איז אַ שווערע. פון דער איסט ביז וועסט, פון נאָרט ביז סאַוט, האָט מען געמאַכט אַ פאַרשווערונג געגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. היינט צו טאָג, ווען אַנדערע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס און טרייד־יוניאָנס ווערן טאָג־טעגלאַך צעבראָכן, איז דער אַרבייטער רינג די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קען אויפהאַלטן איר סאָלידאַריטעט און גאַנצקייט.

די קומענדע עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אַ זעהר שווערע פליכט דורכצופירן דאָ אין מאַסאַטשוזעטס און. איבעראַל, אַז איין מאָל פאַר אַלע מאָל זאָל דער אַרבייטער רינג האָבן אין זיינע רייען נאָר טריישע און איבערגעגעבענע סאָציאַליסטן.

ער גיט דאָס וואָרט צו פר. אב. עפּשטיין, וועלכער זאָגט פאָלגענדעס:

ווערטע פריינד און דעלעגאַטן:

איך הער שוין אין מיין שטים, אַז פאַר מיר וועט זיין אוממעגלאַך צו האַלטן פאַר אייך אַ לענגערע רעדע. איך וויל זיך נאָר באַנוצן מיט דער געלעגנהייט צו באַדאַנקען אייך פאַר דער ערע און די מעגלאַכקייט, וואָס איך האָב, מיט אייך צו געזעגענען זיך.

גענאָסע מאיר לאָנדאָן האָט זיך זעהר שטאַרק דערשראָקן, אַז מיר וועלן ניט אַריינברענגען אַ קאָנסערוואַטיוון גייסט ווען עס קומט צו ערוויילן אונזערע באַאַמטע. איך גלויב, אַז אַט דער גייסט פון די אַנדערע קאָנסערוואַטיווע אָרדערס וועט אין דעם אַרבייטער רינג קיינמאָל ניט עקזיסטירן. נאָך אַלעמען, צוליב וואָס קריגן מיר זיך? אין וואָס באַשטייען אונזערע מחלוקות? ס'איז פּיליזכט אמת, אַז אין פאַרלויף פון יאָר האָט זיך אָנגעקליבן אַביסל גאַל און די גאַל האָט געפּלאַצט אויף אַ מאָמענט, אָבער דאָס קען ניט האָבן קיין ווירקונג אויף דער פירונג, אויף דעם פּראָגרעס פון אַרבייטער רינג. וואָס פאַר עקאָנאָמישע אָדער פינאַנציעלע פראַגן זיינען אין דעם פאַרבונדן? האַנדלט זיך דען דאָ פאַר אַ גרענד מאַסטער, וועלכער זאָל קריגן געהאַלט פון טויזענטער דאָלאַרס אַ יאָר? האָב איך דען פאַרבאַסערט מיין מאַטעריעלע לאַגע מיט דעם, וואָס איך בין פאַר יאָרן און יאָרן געווען דער טשערמאַן פון אַרבייטער רינג? אין קיינע פון אונזערע מחלוקות קענען מיר ניט באַהויפּטן, אַז זאָגאַר איינע פון זיי איז געווען צוליב מאַטעריעלע אורזאַכן. איך זאָג מיט שטאָלץ, אַז ביי אונז ווערן פאַראורזאַכט נאָר פּרינציפּן־מחלוקות. אָך און וויי וועט זיין צו אונז און צו אונזער באַוועגונג, אַז מיר וועלן מיט אַלעם זיין צופרידן. ניין, מיר זיינען ניט צופרידן מיט דער האַנדלונג פון דער פּאַרטיי אין אַמעריקע, און מיר זיינען ניט צופרידן פון אַנדערע טיילן פון דער באַוועגונג. מיר, אַלס מיטגליד פון אַרבייטער רינג, זיינען די דאָזיקע אַלע ריבונגען ליב און טייער. די אַלע ריבונגען ברענגען אַריין לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע, דאָס ברענגט מוט, נייע באַגייסטערונג. אָבער איך גלויב, אַז קיין געוויסער, קיינע מחלוקות, וועלן ניט ברעכן די רייען פון דעם אַרבייטער רינג.

## פריינד לאָנדאָן קריגט דאָס וואָרט. ער זאָגט:

עס איז ביי אונז כמעט ווי געוואָרן אַ כלל, אַז דער בעסטער סימן פון ראַדיקאַליזם איז, ווען איינער רעדט קלינגענדע פראַזן, וועלכע קיצלען די געפילן פון דער מאַיאָריטעט און רופן אַרויס פייערדיקע אַפּלאָדיסמענטן. עס איז אָבער אַ טעות: אַ בראַווער און ערלאַכער רעוואָלוציאָנער איז דער יעניגער, וועלכער טרעט אַרויס פריי און אָפן מיט זיינע איבערצייגונגען, אַפילו ווען די מאַיאָריטעט איז מיט זיי ניט איינפערשטאַנען. איך וועל וועגן זיך ניט רעדן, נאָר דערמאָנען דעם פאַקט, אַז מיטגלידער פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי זיינען צו מיר געקומען און אָנגעבאָטן צו העלפן מיין קאַמפּיין, אויב מיר וועלן וועגן זיי זאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער; ציוניזם איז יעצט אין דער מאָדע, אָבער ניט זייענדיק אַ ציוניסט, האָב איך דעם פאָרלאַנג צוריקגעוויזן. איך גלויב, אַז יעצט איז ניט די צייט צו האַלטן פייערדיקע רעדעס — יעצט איז די צייט צו טאָן. די וועלט געפינט זיך יעצט אין אַ טומלדיקן צושטאַנד. נאָך פיל יאָרן וועלן אַוועקגיין, איידער עס וועט ווערן אָרדנונג. מיר לעבן יעצט איבער אַ שוידערליכע רעאַקציע, פון וועלכע אידן וועלן ליידן אַם מייסטן. די אַמעריקאַנער געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן זיינען ניט געגן דער אימיגראַציע פון מעקסיקאַנער, אַפילו ניט פון נעגערס, זיי האָבן אָבער מורא פאַר אונז אידן אַלס אַ רעוואָלוציאָנערן עלעמענט. נאָר מיט ריכטיקע גרויסע טאַקט קענען מיר קעמפן געגן רעאַקציע פאַר קאָנסטרוקטיווע רעוואָלוציע, אָבער ניט מיט פראַזן. מיר קענען זיך פיל לערנען פון די אַמעריקאַנער גרויסע דענקער. מיר האָבן אַלע דעם נאַרישן בליק, אַז אַמעריקע באַשטייט דורכוים פון רעאַקציאָנערן. מיר געדענקען ניט די גרויסע קעמפער געגן אונטערדריקונג, די אַמעריקאַנער אַבאָלוציאָניסטן. מיר געדענקען אויך ניט דעם גרויסן דענקער לינקאָלן, וועמען מאַרקס האָט אַזוי פאַרערט. אַלס מיטגליד פון אַרבייטער רינג לערנט דאָס לאַנד און איר געשיכטע. איר קענט האָבן אייער אייגענע מיינונג, אָבער אום עטוואָס צו עררייכן, מוזט איר לערנען צו פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון אייער אַדאָפּטירט לאַנד.

## פריינד ישורין קריגט דאָס וואָרט. ער זאָגט:

פריינד עפּשטיין האָט געפונען פאַר נייטיק צו ענטפערן גענאָסע לאָנדאָן אויף דער געפאַר, וועלכע איז אויסגעדריקט געוואָרן פון איבּ, אַז דער אַרבייטער רינג שניידט זיך אויף דעם זעלבן וועג ווי די אַנדערע פראַטוירנאַל אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. איך וויל ענטפערן פריינד לאָנדאָן, פאַרזיכערנדיק, אַז דאָס, וואָס עס עקזיסטירט אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט ניט קיין פּלאַץ אין דעם אַרבייטער רינג. דער אַרבייטער רינג איז ניט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַזוי ווי אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. די וואָלן זיינען געווען פאַר אונז אומאַנגענעם — דאָס איז געווען ניט מער ווי אַ רעזולטאַט פון די אומשטענדן. איך גלויב ניט, אַז דאָס וועט ווען עס איז ווידערהאָלט ווערן. מיר האָבן שוין פון פריער אָט די פּאָראַנדקעס געענדערט דערפאַר, ווייל מיר האָבן געוואָלט מאַכן, אַז די וואַל זאָל געפירט ווערן אויף אַ מער דעמאָקראַטישן וועג. לוידער האָבן מיר דאָס היינטיקס מאָל געמוזט ענדערן. איך בין זיכער, אַז עס וועט אויסגעפונען ווערן אַ וועג, אַז דאָס זאָל באַזייטיקט ווערן. איך האָף, אַז דער אַרבייטער רינג וועט ניט אַרונטערגיין פון וועג צוליב אַזאַ קלייניגקייט. מיר האָבן געהאַט גרעסערע ברידער־קריגן אין אונזערע רייען און זיי זיינען געשליכטעט געוואָרן, און די נייע אַריינגייענדע נאַציאָנאַל עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט באַזייטיקן אָט די אַלע דערנער. איך וויל דאָ ווידער באַמערקן, אַז דער אַרבייטער רינג האָט דיעס יאָר געמאַכט דעם גרעסטן פאָרטשריט מיט דעם אַריינקומען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט. דאָס איז איינער פון די גרעסטע געווינסן, וואָס דער אַרבייטער רינג האָט ווען עס איז געהאַט, און איך פיל זיך שטאָלץ, וואָס איך בין געווען איינער פון די, איינער פון אירע פאַרוואַלטער, וואָס האָבן געקענט העלפן ברענגען אַזעלכע רעזולטאַטן אין דעם אַרבייטער רינג און צו זעהן, אַז דער אַרבייטער רינג זאָל פאַרשענערט ווערן און פאַרגרעסערט ווערן, און זאָל ווערן איינע פון די שענסטע און מעכטיקסטע אָרגאַניזאַציעס אויף דער אידישער גאַס.

איך דאַנק אייך פריינד, מיטגלידער פון אַרבייטער רינג. זעט, אַז איר זאָלט זיין די יעניגע, וועלכע זאָלן אַריינבלאָזן דעם ענטוזיאַזם דעם מוט, אין אייערע בראַנטשעס און אויך די אַנדערע בראַנטשעס מיט וועלכע איר קומט אין באַרירונג.

## פריינד י. באַסקין קריגט דאָס וואָרט:

טשערמאַן און פריינד דעלעגאַטן:

אין פאַרלויף פון פון דער קאָנווענשן האָבן זיך געהערט פיל פּעסימיסטישע נאָטן. די זעלבע פּעסימיסטישע שטימונג אין באַצוג דעם אַרבייטער רינג איז אויך אויסגעדריקט געוואָרן פון אונזער פר[ײנד] מאיר לאָנדאָן. איך גלויב ניט, אַז ס'איז דאָ וועלכער ניט איז גרונד פאַר אַזאַ שטימונג. איך גלויב ניט, אַז אונזער גאַנצע עקזיסטענץ און די אומשטענדן, אונטער וועלכע מיר לעבן, באַרעכטיקט ווען עס איז צו זיין אין אַזאַ צושטאַנד. דער גאַנצער קיום פון דעם אַרבייטער רינג, זיין גאַנצער פּראָגרעס אין פאַרלויף פון יאָרן און יאָרן דאַרף אונז אָנפילן מיט מוט און ענערגיע, דאַרף אונז צוגעבן מער ווילן און גלויבן. די וועלט איז דאָך אַזוי שיין און געלנצנד. די נאַטור האָט באַזאָרגט די מענשהייט מיט אַלעם, וואָס ס'איז נייטיק, מיט אַלעם, וואָס קען צופרידנשטעלן די עקזיסטענץ. די ברייטע גרויסע זון שיקט אַזוי פיל שטראַלן פון ליכט אויף דער וועלט, און אויב מענשן זיינען נאָך ניט געקומען צום שכל ווי אַזוי אויסצונוצן די דאָזיקע אַלע זאַכן פאַר דעם וואויל און בעסטן, אויב מען מען איז נאָך ניט געקומען צו דעם באַוואוסטזיין, איז דאָס די שולד פון דער אומוויסנקייט, פון דער פינסטערניש, אין וועלכע די ברייטע מאַסן לעבן היינט צו טאָג. און עס בלייבט איבער פאַר אונז צו טראָגן הויך דעם פאַקל פון וויסנשאַפט, פון ליכט און אויפקלערונג, און זען אַריינדרינגען וואָס טיפער און טיפער צווישן די מאַסן, צו העלפן מיט אַלעם, וואָס ס'איז אין אונזערע כחות, אום צו דערנענטערן דעם מאָמענט, ווען זיי וועלן דערוואַכן פון זייער לעטאַרגישן שלאָף און וועלן דערזען דעם אמת, באַגרייפן, אַז עס ווענדט זיך אָן זיי, און נאָר אָן זיי, אום די וועלט זאָל איבערגעבויט ווערן אויף אַנדערע יסודות, אויף דעם באַזיס פון האַרמאָניע, פון מענשלאַכער ליבע, פון סאָלידאַריטעט.

נעמענדיק אָפּשיד פון אייך דעלעגאַטן, ווינש איך אייך, אַז אומקערנדיק זיך צוריק אין אייערע שטעט, זאָלט איר פאַרנעמען אייערע פּאָסטן פון קעמפּפענדע סאָלדאַטן, און מיט מער מוט, מער ענערגיע אַרבעטן פאַר דעם דאָזיקן הויכן אידעאַל, פאַר די שטרעבונגען, פאַר וועלכע מיר אַלע אַרבעטן דאָ. און מיט אייער מיטהילף און מיט דער מיטווירקונג פון דער גאַנצער ראַדיקאַלער באַוועגונג, וועלן מיר זיכער דערנענטערן דעם דאָזיקן מאָמענט אַזוי שנעל ווי מעגלאַך. איך דאַנק אייך.

## ס. לעווינסאָן, פון באָסטאָן, זאָגט:

איך וועל קיין לאַנגע רעדע ניט האַלטן, איך וויל אייך נאָר זאָגן, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון באָסטאָן האָט געאַרבעט זעהר שווער פאַר וואָכן און וואָכן, אום איר, דעלעגאַטן און פריינד, זאָלט זיין צופרידן פון דער קאָנווענשן.

אין אַרבייטער רינג האָט זיך פון איין זייט אַריינגעטראָגן אַ צו־שטאַרקער ציוניסטישער געדאַנק, פון פון דער אַנדערער זייט ווידער אַ צו־ראַדיקאַלער געדאַנק. איך גלויב אָבער ניט, אַז דער אַרבייטער רינג וועט ליידן פון די דאָזיקע פאַרשידענע שטרעמונגען און מיינונגס־פאַרשידנהייטן. מיר דאַרפן פאַרבלייבן פריינד איינער מיט די אַנדערע, ניט קוקנדיק וואָס אונזערע באַזונדערע מיינונגען זאָלען ניט זיין.

היינטיקע קאָנווענשן איז געווען אַביסל צו־טויב, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין מיינונגס־פאַרשידנהייטן. מיינונגס־פאַרשידנהייטן מאַכן ניט אויס. זייט אָבער פריינד איינע מיט די אַנדערע. איך בין אומצופרידן, וואָס מיר האָבן ניט אַזוי גוט געטריט גענאָסע ווייַנבערגן. אָבער איך גלויב, אַז די גענאָסן, וואָס קריגן אַ נידערלאַגע, דאַרפן מיט שטאָלץ איבערבייגן די קלעפּ און ווייטער קעמפן מיט מוט און ענערגיע, ווי זיי האָבן דאָס ביז דאַן געטאָן.

יך בין זיכער, אַז גענאָסע וויינבערג וועט אַזוי טאָן. איך האָף און
יך ווינש, אַז איר וועט אַלע פאַרבלייבן פריינד אײנע מיט די אַנ־
ערע, ווי געוועזן.

פר. וויינבערג שטעלט דאַן פאָר דעם ניי־ערוויילטן טשער־
זאַן, פר. נוסקין, וועלכער זאָגט פאָלגענדעס:

איך בין יעצט ניט אין אַ לאַגע אײך צו זאָגן די ווערטער,
ועלכע איך וואָלט געזאָגט, ווען מײן וואַל וואָלט פאָרגעקומען אונ־
ער אַנדערע אומשטענדן. איך וויל נאָר ענטפערן פריינד וויינבערגן
יף זײן באַהויפּטונג, אַז ער האָט מורא דאָס דער אַרבייטער רינג
יעט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַזאַ אָרדן, ווי די אַלע אַנדערע אָרדנס,
ון עס איז דאָ אַ געפאַר, אַז אין אַרבייטער רינג זאָל קאָנען זײן
גרענד־מאַסטער. איך פאַרזיכער אײך, פריינדע, אַז מיט מײן ער־
וויילונג, וועט דאָס ניט פאָרקומען, גראַד אַזוי ווי ווען פריינד וויינ־
ערג וואָלט געוועזן דער טשערמאַן. איך וויל אָבער זאָגן אַ פּאָר
ווערטער צו די אַקטיווע טוערס: איך ווייס גאַנץ גוט די לאַגע, וואָס
אַ איז היינט פאָרגעקומען. איך האָב זיך געהאַט צוריקגעצויגן
ון געלאָזט פריינד וויינבערגן אַליין לויפן אויפ'ן באַלאָט, און איך
האָב אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן, וועלכע זײנען געוועזן פאַר מיר פון
יין טיפסטן האַרצן צו שטיצן פריינד וויינבערגן, אַז ער זאָל גע־
וויילט ווערן. ווען איך וואָלט יעצט געפונען אַ וועג ווי אַזוי
ויינבערג זאָל זײן דער נעקסטער טשערמאַן, וואָלט איך דאָס געטאָן.
בער ווען עס האָט פּאַסירט, אַז וויינבערג איז ניט געוויילט געוואָרן,
אָב איך געזאָגט, אַז אונטער די אומשטענדן איז עס געוועזן מײן
ליכט צו לויפן, און בין ערוויילט געוואָרן.

יעצט וויל איך זאָגן צו די דעלעגאַטן, אַז זיי דאַרפן קיין חרטה
יט האָבן פאַר געבן מיר אַ געלעגנהייט. איר קענט זיכער זײן, אַז
זיר וועלן טרייען אונזער בעסט צו קומען צו דער נעקסטער קאָנ־
ווענשן מיט די בעסטע רעזולטאַטן.

די אָבדזשעקשנס, וואָס זײנען דאָ געגן מיר געמאַכט געוואָרן,
ז איך האָב אין דער באַוועגונג צופיל עמטער, איז פשוט אַ לע־
ערלאַכע. אמת, איך פאַרנעם דעם אַמט אַלס טשערמאַן פון די
אַרויניקטע אידישע געווערקשאַפטן, אָבער דאָס וועט מיר אויף אַ
האָר ניט שטערן צו טאָן מײן פליכט, זייענדיק דער טשערמאַן פון
אַרבייטער רינג. דאָרט, וואו איך האַלט אַן אַמט, בין איך איבער־
געגעבן ענערגיש און טו די אַרבעט מיט מײן פולן ערנסט. איך
האָף, אַז אויך אין מײן נייעם אַמט וועל איך דורכפירן ענסט און
איבערגעבן די מיסיע, וועלכע וועט אַנפאַרטרויט צו אַ טשערמאַן פון
אַזאַ גרויסער אינסטיטוציע — ווי דער אַרבייטער רינג.

עס ווערט פאָרגעשטעלט פר. י. ב. ביילין, רעדאַקטער פון
„פריינד", צו האַלטן די שלום־רעדע פון קאָנווענשן.

יבע פריינד דעלעגאַטן:

מיר ראַבט זיך, אַז אין דער יעצטיקער צייט איז אַמווייניקסטן
וצלאַך צו גיסן קאַלטע וואַסער אויף די קעפ. מיר זײנען שוין
עצטנס צו מיושב'דיק, צו קאַלט, צו פּראַקטיש. אין אַלע אונזערע
רטער הערשט אַ שרעקלאַכער אינדיפערענטיזם, אַ גלייכגילטיגקייט
נו אַלץ, וואָס עס גייט יעצט אָן אין אונזער באַוועגונג. וואָס מיר
אַרפן אין דעם יעצטיקן מאָמענט, איז מונטערן און מונטערן, וועקן
די שלאָפנדיקע, אַרויינבלאָזן אַ נייעם גייסט פון אַקטיוויטעט אין די
אַנמעכטיקע און אַנטוישטע.

איר, דעלעגאַטן, ווייסט דאָך בעסער ווי ווער עס איז פון
אונז, אַז אין אײערע שטעט נייטיקט מען זיך יעצט נישט אין קלוגע
עצות פון אונזערע עלטערע פירער, וואָס תאַלטן אַלץ אין איין וואָ־
רענען, אַז מיר זאָלן נישט באַפן, שפּרינגען, לויפן. איר ווייסט
אָך, אַז עס האַלט, ברוך־השם, דערביי, אַז מ'גייט אַפילו ניט פאַ־
טעלאַך צו אַ מיטינג, מ'געפינט „בילעכערע" זאַכן וואָס צו טאָן.

נעמט זשע, דעלעגאַטן, אַחיים מיט זיך דעם רוף צו אַקטיוויטעט,
צו אויפלעבונג, צום קאַמף פאַר אונזער גרויסער אידעע, פאַר וועל־
כער מיר האָבן געגרינדעט אונזער גרויסן אָרדן. מעגן די צייטן זײן
שלעכטע, די שטורמס שרעקלאַכע, אונזער לאַנד אין רשות פון אַל־
מעכטיקן קאַפּיטאַל — מיר וועלן שטיין אויף אונזערע פּאָסטנס ווי
געטרייע און געניטע קעמפער. קיין שטאַרקערע וואָפן ווי אונזער
בילדונג, דערציהונג און אויפקלערונג, האָבן מיר נאָך דערוויל נישט.
זאָלן מיר אויף אַט די ליניעס אָנפירן אונזער טעטיגקייט. סוף־כל־
סוף מוזן זיך די וואָלקנס צעלויפן, דער היטל אויסלייטערן, און דער
אויסגאַנג פון קאַמף מוז אונז געפינען נאָר אויף איין באַשטימטער
וויפ — די זייט פון די זיגער.

דער טשערמאַן דערקלערט די 21־טע קאָנווענשן פון אַר־
בייטער רינג פאַר געשלאָסן.

מ. י. אַשפּיז, בר. 410
י. ראָבערטס, בר. 291
מ. איוועַנסקי, בר. 194
סעקרעטאַריאַט.

## ספּעציעלע זיצונג פון פיונעראַל דעפּאַרטמענט

מיטוואָך, 4־טן מאַי, 10 אַ זייגער פרי

די ספּעציעלע זיצונג פון די דעלעגאַטן, וועלכע זײנען פאַר־
אינטערעסירט אין דעם ניו־יאָרקער פיונעראַל דעפּאַרטמענט,
ווערט ערעפנט מיטוואָך, דעם 4־טן מאַי, 1921, אום 10 אַ זייגער
מאָרגנס, פון פריינדין ר. אַש, סעקרעטאַרין פון סעמעטערי און
פיונעראַל דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק. נאָך אַ קורצער דער־
קלערונג וועגן דער אַרבעט פון דעם פיונעראַל דעפּאַרטמענט,
ווערן ערוויילט די פאָלגענדע באַאַמטע פאַר דער זיצונג: פר.
קרינסקי, ניו־יאָרק, אַלס טשערמאַן; ת. קאָהען, שיקאַגאָ, אַלס
וויים־טשערמאַן; דזש. אייבראַמס, ברוקלין, אַלס סעקרעטאַר.

פר. וואָלאָס, דער טשערמאַן פון דער פיונעראַל קאָנטראָל
קאָמיטע, גיט איבער אַ קורצן באַריכט פון דער אַרבעט פון דעם
דאָזיקן דעפּאַרטמענט. ער דייטעט אָן, אַז די אויסגאַבן פון
פיו נעראַל דעפּאַרטמענט זײנען געוועזן פיל גרעסער ווי די
איינגאַמע. ער גיט איבער זײן רעקאָמענדאַציע פון זייער קאָ־
מיטע, אַז אַ ספּעשל אַסעסמענט פון 60 סענט זאָל אַרויפגע־
לייגט ווערן פאַרן נעקסטן יאָר, וועלכער זאָל געצאָלט ווערן 15
סענט אַ קוואָרטל. ער מאַכט אַ וואַרימען אַפּיל צו די דעלעגאַטן,
אַז זיי זאָלן שטימען פאַר דער דאָזיקער רעקאָמענדאַציע. נאָך
פיל פראַגן און אינטערפּעלאַציעס, וועלכע ווערן צופרידנשטעלנד
פאַרענטפערט פון פר. וואָלאָס, ווערט דאַן באַשלאָסן צו באַ־
דאַנקן פריינד וואָלאָס און די קאָמיטע פאַר זייער גוטער אַרבעט.

פר. מאָלאָט, פאַרשטייער פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט,
גיט אויך אַן איבערבליק איבער דער אַרבעט פון דעם פיונעראַל
דעפּאַרטמענט. ער דערקלערט, אַז עס זײנען געווען פיל פאַר־
לאַנגען פון ברענטשעס, אַז מען זאָל העכערן די פיונעראַל בע־
נעפיט, און ווען דאָס וואָלט באַוויליקט געוואָרן, וואָלט אונזער
דעפיציט יעצט געוועזן פיל גרעסער ווי 30 טויזענט דאָלאַר. ער
פאַרזיכערט אויך, אַז די קאָמיטע אַלס אַ גאַנצע האָט געטאָן
איר אַרבעט פּינקטלאַך, ערלאַך און האַרמאָניש. ער אַפּעלירט
צו די דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן גוטהייסן די רעקאָמענדאַציע פון
דער קאָמיטע.

עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו באַדאַנקן די קאָמיטע
פאַר זייער גוטער אַרבעט. נאָכדעם ווי דער טשערמאַן באַדאַנקט
די קאָמיטע, שטעלט ער פאָר פריינדין אַש, סעקרעטאַרין פון
דעם סעמעטערי דעפּאַרטמענט, וועלכע קריגט אַ זעהר וואַרימע
אויפנאַמע. זי גיט אָפּ אַ באַריכט פון די איינגאַמען און אויס־
גאַבן פון דעם פיונעראַל דעפּאַרטמענט פון לעצטן יאָר. זי
דייטעט אָן, אַז צו דעקן דעם דעפיציט פון דעם פיונעראַל דע־
פּאַרטמענט, זײנען זיי געווען געצוואונגען אויסצובאָרגן אַ טייל
פון די געלדער פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט. זי אַפּעלירט צו
די דעלעגאַטן, זיי זאָלן שטימען פאַר דעם ספּעשל אַסעסמענט
פון 60 סענט פאַר'ן נעקסטן יאָר, וואָס וועט געבן אַ מעגלאַכקייט
אָפּצוצאָלן די שולדן צום סעמעטערי דעפּאַרטמענט. נאָכדעם
ווי זי ענטפערט פאַרשידינע פראַגן און אינטערפּעלאַציעס צו־
פרידנשטעלנד, ווערט באַשלאָסן גוטצוהייסן איר באַריכט, און
זי באַדאַנקן פאַר איר גוטער, טיכטיקער און איבערגעגעבענער
אַרבעט. אום אויסצודריקן אַ דאַנק צו מיס אַש פאַר איר גוטער
אַרבעט, שטעלן זיך אַלע דעלעגאַטן אויף פון זייערע פּלעצער
און, אונטער אַ שטורם פון אַפּלאָדיסמענטן, ווערט איר איבער־
געגעבן אַ בוקעט בלומען.

פר. סלאָבאָטקאַ, פון מאָנטריאַל, קענעדע, מאַכט אַ פאָר־
שלאַג, אַז דער ספּעשל אַסעסמענט פאַר'ן פיונעראַל דעפּאַרט־
מענט פאַר'ן קומענדן יאָר זאָל זײן 40 סענט — 10 סענט פּער
קוואָרטל.

פר. בעצאַהלער מאַכט אַן אַמענדמענט אויף 5 סענט אַ
קוואָרטל. עס ווערט גענומען צו אַן אָפּשטימונג און דער פאָר־
שלאַג צו העכערן דעם טעקס אויף 40 סענט פאַר'ן קומענדן יאָר
ווערט אָנגענומען.

פאָלגענדע ווערן ערוויילט אין דער פיונעראַל קאָנטראָל
קאָמיטע: פר. קרינסקי, וואָלאָס, און גודעלמאַן. פר. קלופּט
ווערט ערוויילט אַלס דער ערשטער סאָבסטיטוט. מיט דעם
ווערט די זיצונג געשלאָסן.

דזשייקאָב אייבראַמס, סעקרעטאַר.

דר. האלפערן באריכטעט פאר דער מעדיקאל אדווייזארי באָרד פון סאַניטאַריום.

ער אַנטשולדיקט זיך וואָס זיין באריכט ווערט אָנגעגעבען בעפאָר דער סאַניטאַריום קאָמיטעט באריכט, דאמיט, וואָס ער מוז אין גיכן אָפּפאָרן.

ער דענקט, אַז פאר דעם סאַניטאַריום האָט מען אייגענט־לאַך נעדארפט האָבן אַ באַזונדער טאָג, ווייל דער סאַניטאַריום איז דער גלענצענדסטער שטערן צווישן אַלע גרויסע אופטואונגען פון אַ. ר. „דאָס איז דאָס הארץ פון דער הערליכער גרויסער אָרגאַניזאַציע; דאָס איז דער שטאָלץ פון פריינד און די קנאה פון פיינד. דער אַ. ר. סאַניטאַריום האָט זיך דערוואָרבן די בעס־טע רעפּוטאַציע צווישן אַלע ספּעציאַליסטן פון טובערקולאָזע קראַנקהייטן. אומגליקלאַך איז יענער קראַנקער, וועלכער מוז פאָרן אין אַ פּריוואַטן סאַניטאַריום, ווייל אַזאַ קראַנקן פעלט די היימלאַכע אַטמאָספערע, וועלכע איז אַזוי נייטיק פאר דער דער־האָלונג פון פאַציענט, און וועלכע דער אַ. ר. סאַניטאַריום באַ־שאַפט מיט אַזאַ ברייטער האַנט. דער באַרימטער לומיס סאַני־טאַריום, וועלכער געפינט זיך אויך אין ליבערטי, קאָסט אָפּ טוי־זענטער פאר אַ פאַציענט, אָבער די רעזולטאַטן זיינען זעהר אומ־באַדייטענד געגן די רעזולטאַטן פון אַ. ר. סאַניטאַריום.

„די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד נעמט אַ טיכטיקן אַנטייל אין דער אַרבעט פון סאַניטאַריום. אויסער די שטאַרקע השגחה, וואָס די באָרד האָט איבער אַלע מעדיציניש אַנגעלעגענהייטן, מאַכט די מעדקאַל אַדווייזאָרי באָרד זעהר אָפטע קאָנפערענצן מיט דער סאַניטאַריום קאָמיטע; אונזערע פאָרשטייער קומען אָפּט צו די מיטינגען פון דער קאָמיטע און די סאַניטאַריום קאָ־מיטע נעמט אונזערע רעקאָמענדאַציעס אָן.

„היינטיקס יאָר האָבן מיר ווידער געהאַט אַן ענדערונג אין דער אַדמיניסטראַציע פון סאַניטאַריום. דר. פיש, וועלכער איז געווען באַליבט ביי די פאַציענטן, און טיכטיק, האָט לײדער אונז פאַרלאָזן. געוועגלאַך אין אַזעלכע פאַלן פאַרנעמט דער אַסיס־טענט דעם פּלאַץ פון הויפּט־פאַרוואַלטער. ביי אונז זיינען אָבער די באַדינגונגען אַזעלכע, דאָס אַזאַ זאַך איז אוממעגלאַך, ווייל אויסער מעדיצינישע קענטנישן, דאַרף דער קאַנדידאַט אויך זיין אַ נוטער פאַרוואַלטער אין ווירטשאַפטלאַכע פראַגן און האָבן אַזאַ כאַראַקטער, וואָס זאָל אים מאַכן באַליבט ביי די פאַציענטן. נאָך לאַנגע קאָנפערענצן און זוכונגען, האָבן מיר באַשלאָסען אָנ־צושטעלן דר. אַנטאָנאָווסקי. מיר גלויבן, אַז דר. אַנטאָנאָווסקי איז דער פּאַסנדער מאַן פאַר דער דאָזיקער שטעלע.“

דר. האַלפערין גייט דאָן איבער צו די מעדיצינישע מע־טאָדן, וועלכע ווערן אָנגעווענדט אין סאַניטאַריום, און צווישן אַנדערע ווערטער זאָגט ער:

„די בעסטע מיטלען אַהערצושטעלן דאָס געזונט פון אַ טו־בערקולאָזן פאַציענט זיינען: רו, דיסציפּלין און צופרידענקייט פון פאַציענט. אין שווינדזוכט־פאַלן זיינען היגיענישע מיטלען פיל וויכטיקער ווי מעדיצינישע. זונען־לופט־בעדער, וועלכע מיר ווענדן אָן פאר די פאַציענטן, זיינען ניצלאַכער ווי מאַנכע מע־דיקאַמענטן. מיר האָבן אין סאַניטאַריום אַלע מאָדערנע מע־דיצינישע אַפּלייענסעס, ווי עקס־ריי א. אז. וו. מיר קענען אויך שטאָלץ זיין מיט אונזערע רעזולטאַטן. אין 8 פּראָצענט פאַלן ווערט די קראַנקהייט אָפּגעשטעלט.“

דר. האַלפערן מאַכט אויפמערקזאַם אויף אַ טעות, וועלכער האָט זיך אַריינגע|גנב'עט אין מאַנכע באַריכטן, וואו עס ווערט באַהויפּטעט, אַז אין געוויסע פאַלן ווערט דער פאַציענט גענצלאַך געזונט. „אַזאַ זאַך, ווי גענצלאַך געזונט ווערן אין טובערקולאָזע קייסעס איז ניטאָ. די טערמינען ווערן צעמישט. דער ריכ־טיקער טערמין פאַר שיינבאַר־געזונטע איז „קוויעסענט“.

דר. האַלפערין לויבט די מעטאָדן פון דער סאַניטאַריום קאָ־מיטע, וועלכע מאַכט אָפטע קאָנצערטן און אַנדערע אונטערהאַל־טונגען פאַר די פאַציענטען. עס איז זעהר וויכטיק, אַז דער פאַציענט זאָל האָבן אַזעלכע גייסטיקע פערגעניגענס, וועלכע מאַכן אים צו פאַרגעסן אָן זיין קראַנקהייט. ער לויבט אויך די פאַרפלאַנצונגען, וועלכע זיינען לעצטנס געמאַכט געוואָרן. „דער סאַניטאַריום איז פול מיט בלומען, דער גערוך פון סאָסנע דער־קוויקט די נשמה, עס איז אַ גן־עדן, פּשוט אַ קליינער גן־עדן.“

דר. האַלפערין רעקאָמענדירט, אַז די קאָנווענשן זאָל נעמען אין אַנבאַטראַכט ווי צו שאַפן מיטלען פאַר פאַרגרעסערן די געביידע פון סאַניטאַריום. עס איז נייטיק אַ רעקריאייִשן פּלאַץ פאַר די פאַציענטן. עס איז אויך זעהר נייטיק אַ קאַטעדזש פאַרן דאָקטער.

דר. האַלפערין ענדיקט זיין באַריכט מיט דער דערקלערונג, אַז פאַר דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד שטייען פאַר די דאָזיקע פּראָבלעמען:

1) ווי צו פאַרהיטן די אַ. ר. מיטגלידער, זיי זאָלן ניט קריגען קיין שווינדזוכט.

2) ווי צו קורירן קראַנקע.

3) צו שאַפן מיטלען פאַר אינדאָסטריאַל קאָלאָניעס, אום צו פאַרהיטן די עקס־פאַציענטן פון „רעלעפּסעס“.

ער דריקט אויך אויס די האָפנונג, אַז די קאָנווענשן וועט געפינען מיטלען ווי אַזוי צו לעזן די שווערע פּראָבלעמען פאַר דעם וואָוילזיין פון אַ. ר. מיטגלידער און דעם שטאָלץ פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דר. האַלפערין ווערט זעהר שטאַרק אַפּלאָדירט.

די קנוועגשן באַשליסט צו באַדאַנקן דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד מיט אַ רייזינג וואָוט.

## רעזאָלוציע געגן באַשרענקונג פון אימיגראַציע

(געשיקט פון קאָנווענשן צום פּרעזידענט פון די פאַרייניקטע שטאַטן.)

צום פּרעזידענט פון די פאַרייניקטע שטאַטן:

דער אַרבייטער רינג, אַ פּראַטוירנאַל אָרגאַניזאַציע פון 84 טוי־זענט אידישע אַרבעטער, וועמעס אויפגאַבע איז צו העלפן און באַ־שיצן זיינע מיטגלידער אין פאַל פון קראַנקהייט, צו דערציען זיי אין דעם בעסטן געזעלשאַפטלאָכן גייסט, ביי זיין איין־און־צוואַנציג־סטער יערלאַכער קאָנווענשן, אָפּגעהאַלטן אין טרימאָנט טעמפּל, באָסטאָן, מאַסס., דריקט אויס אַ העפטיקן פּראָטעסט געגן יעדען פאַרזוך צו באַשרענקן די אימיגראַציע, און רופט צו אייך, אַז איר זאָלט אויס־נוצן אייער קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט און איר זאָלט וועטאָאירן דעם אימיגראַציאָנס־ביל, וועלכער איז דורכגעגאַנגען אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס.

די אידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען ניצלאַך אין דעם אויפבויען פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי, באַטראַכטן די באַשרענקונג פון פרייער אימיגראַציע אַלס אַ זאַך, וואָס איז געגען די בעסטע אַמע־ריקאַנער טראַדיציעס און געגן די אינטערעסן פון דעם לאַנד, פון וועלכן מיר זיינען בירגער.

געדענקט, אַז אונזער גאַנץ לאַנד ווערט אויפגעבויט הויפּטזעכלאַך דורך דער אַרבעט און אָנשטרענגונג פון אימיגראַנטן.

מיר האָפן, אַז איר וועט פאָלגן דעם ביישפּיל פון אייערע פאָר־געגנער און וועטאָאירן דעם ביל. מאַכט אייער נאָמען היסטאָריש און באַליבט צווישן די אונטערדריקטע און נידערגעשלאָגענע.

י. ה. ישורין, פּרעזידענט

יוסף באַסקין, גענעראַל־סעקרעטאַר.

## רעפערענדום פון דער 21-טער יערלאַכער קאָנווענשן

| 1. אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד | פאָר | געגן |
|---|---|---|
| א.—דער אַסעסמענט פאַר'ן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט פאָנד זאָל געהעכערט ווערן פון 4 סענט אויף 6 סענט אַ קוואָרטל. | פאָר | געגן |
| ב.—אַ מאַניפעסט זאָל דערקלערט ווערן צו די מיטגלי־גלידער, וואָס האָבן זיך געשטראָכן פון אַרבייטער רינג פון די יאָרן 1918 ביז 1921, דאָס ווען זיי וועלן אַריינקומען אין אַרבייטער רינג פון דעם טאָג וואָס דער נייער קאַמפּיין פאַר מיטגלידער וועט זיך אָנפאַנגען, ביז מאַי 1922 (אַריינגע־רעכנט), זאָלן זיי זיין פריי פון זייערע אַלטע שולדן צו די בראַנטשעס (מיט דער אויסנאַם פון שטראָפן און לאָאַן־פאָנד געלדער). | פאָר | געגן |

| 2. בענעפיט אַסעסמענט | פאָר | געגן |
|---|---|---|
| א.—דער קראַנקן־בענעפיט זאָל געהעכערט ווערן פון זעקס דאָלאַר אַ וואָך אויף אַכט דאָלאַר אַ וואָך. דער טעקס פאַר דעם דאָזיקן פאָנד זאָל געהעכערט ווערן פון 90 סענט אויף איין דאָלאַר פינף סענט אַ קוואָרטל אויב דער עקטשוערי וועט אויסגע־פינען, אַז דער דאָלאַר מיט 5 סענט וועט זיין גענוגענד. | פאָר | געגן |

| 3. אַדמיניסטריישן אַסעסמענט | פאָר | געגן |
|---|---|---|
| א.—דער אַסעסמענט צום אַדמיניסטריישן פאָנד זאָל געהעכערט ווערן פון 20 סענט אויף 24 סענט אַ קוואָרטל. | פאָר | געגן |

| | | |
|---|---|---|
| 4. בילדונגס פאַנד<br>א.—דער בילדונגס-טעקס זאָל פאַר\|ן קומענדן יאָר גע־העכערט ווערן פון 8 סענט אויף 5 סענט אַ קוואַרטאל. | פאַר | געגן |
| ב.—שול-פאַנד<br>דער שול-טעקס זאָל געהעכערט ווערן פון 8 סענט אויף 9 סענט אַ קוואַרטאל. | פאַר | געגן |
| 5. אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושן<br>א.—אַרטיקל 3, פּאַראַגראַף 8, זאָל זיך לעזן ווי פאָלגט: „נייע פאָרגעשלאָגענע קאַנדידאַטן, וועל־כע ווילן זיך אינשורן אויף מער ווי פיר הונ־דערט דאָלאַר, ביז טויזענדע דאָלאַר, א. ז. וו. | פאַר | געגן |
| ב.—אַרטיקל 13, פּאַראַגראַף 1 און פּאַראַגראַף 11, זאָל זיך לעזן: ווען אַ מיטגליד פון אַ. ר. געפינט זיך אין אַ שטאָט, וואו עס איז דאָ אַ ברענטש פון אַרבייטער רינג, זאָל ער זיך מוזן טראַנספערירן צו דעם ברענטש פון שטאָט אין פאַרלויף פון זעקס מאָנאַטן. (אַז אויס־נאָם זיינען די, וואָס ווערן פון דער נאַצ. עקז. קאָם. טראַנספערירט.) פּאַראַגראַף 11 פון זעלבן אַרטיקל זאָל געענדערט ווערן און זאָל זיך לעזן: ווען אַ מעמבער עטלאַרדזש באַזעצט זיך אין אַ שטאָט, וואו עס איז דאָ אַ ברענטש, מוז ער זיך טראַנספערירן צום ברענטש אין פאַרלויף פון 6 מאָנאַטן.) | פאַר | געגן |
| ג.—אַרטיקל 15, פּאַראַגראַף 12, זאָל זיך לעזן: דער ברענטש סעקרעטאַר מוז, בעפאָר שטרויך־אָווענט, אַרויסשיקן רעדזשיסטרירטע בריף צו מיטגלידער, וועלכע האָבן נאָך ניט איינגעצאָלט זייערע בילס. (ביז יעצט האָט דער פּוטקט געלוי־טעט, אַז דער ברענטש-סעקרעטאַר האָט די רע־רעדזשיסטרירטע בריף געדאַרפט שיקן 10 טעג בעפאָר שטרייך-אָווענט.) | פאַר | געגן |
| ד.—אַרטיקל 18, פּאַראַגראַף 7, זאָל זיך לעזן: ספּעשל מיטינגען פון דער נ. ב. און ד. קאָנען גערופן ווערן פון סעק. פון דער נ. ב. און ד. מיט דער שריפטלאַכער גוטהייסונג פון אַ מאַיאָריטעט מיטגלידער פון דער נ. ב. און ד., ווי פאָרגע־שריבן אין סעקשן 9. | פאַר | געגן |
| ה.—אַרטיקל 18, פּאַראַגראַף 11: צום ענד פון סעקשן, וואו עס שטייט אַז די נ. ב. און ד. דאַרפן מאַכן רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנ־ווענשן, זאָלן צוגעזעצט ווערן די פאָלגענדע ווער־טער: צו וועלכער זיי זאָלן זיין בארעכטיקט צו שיקן איין (1) פאַרטרעטער. | פאַר | געגן |
| ו.—אַרטיקל 21, פּאַראַגראַף 13, זאָל אַמענדירט ווערן ווי פאָלגט: יעדער דעלעגאַט צו די געוויינלאַכע קאָנווענשאַן איז בארעכטיקט צו פינף דאָלאַר אַ טאָג פאַר צייט-פאַרלוסט און צו עקספּענסעס פאַר יעדן טאָג וואָס די קאָנווענשן מיטעט, לויט דעם באַשלוס פון קאָנווענשן, און אויך פאַר דער צייט פון דער רייזע הין און צוריק פון דעם דעלע־גאַטס וואוינונג ביז דעם קאָנווענשן-פּלאַץ. | פאַר | געגן |
| ז.—אַרטיקל 22, פּאַראַגראַף 5, זאָל אַמענדירט ווערן: אַז אַ דעלעגאַט צו אַן אויסערגעוויינלאַכער קאָנ־ווענשן זאָל זיין בארעכטיקט צו פינף דאָלאַר אַ טאָג. (דער יעצטיקער פּונקט לויטעט, אַז אַ דע־לעגאַט צו אַן אויסערקעוויינלאַכער קאָנווענשן איז בארעכטיקט נאָר צו דריי דאָלאַר אַ טאָג. | פאַר | געגן |
| ח.—אַרטיקל 23, פּאַראַגראַף 2 (צושטעלן אַ נייעם פּאַראַגראַף): „די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָ־מיטע זאָל האָבן דאָס רעכט צו רופן ספּעציעלע קאָנווענשנס צו אַמענדירן די קאָנסטיטושן, אום נאָכצוקומען די געזעצן פון די פאַרשידענע סטייטס, וואו דער אַ. ר. טוט אָדער ערוואַרטעט צו טאָן ביזנעס. די נאַצ. עקז. קאָמיטע זאָל האָבן דאָס רעכט צו באַשטימען פון וויפיל דעלע־גאַטן אַזאַ ספּעציעלע קאָנווענשן זאָל באַשטיין און אויך ווי די ערוויילונג צו אַזאַ ספּעשל קאָנ־ווענשן זאָל זיין. די דעלעגאַטן צו אַזאַ ספּעשל קאָנווענשן זאָלן קאָנען האַנדלען נאָר וועגן אַזעל־כע אַמענדמענטס, צוליב וועלכע די ספּעשל קאָנ־ווענשן איז איינבארופן געוואָרן. (אונטער דעם וואָרט „סטייטס" ווערט אויך פאַרשטאַנען קע־נעדע און דיסטריקט אוו קאָלאָמביא.) | פאַר | געגן |
| ט.—אַרטיקל 25, פּאַראַגראַף 14 (צושטעלן אַ נייעם פּאַראַגראַף): קיין מעמבער פון דער נאַצ. עקז. קאָם. זאָל ניט קאָנען זיין אין אַמט מער ווי דריי יאָר נאָכאַנאַנד | פאַר | געגן |
| י.—אַרטיקל 25, פּאַראַגראַף 5, זאָל פון אָנפאַנג צו־געשטעלט ווערן: די נאָמינײשן קאָנפערענץ זאָל ערוויילן צוויי ציילערס פון קאָנפערענץ, וועלכע, צוזאַמען מיט די אָנגעשטעלטע פון אָפיס, זאָלן די באַלאָטס, און נאָך דער קאָנפערענץ זאָלן פּוב־ליקירט ווערן די נעמען — א. ז. וו. | פאַר | געגן |

6. ביישטייערונגען צו די אינסטיטוציעס פון באָסטאָן

| | | | |
|---|---|---|---|
| ליובאָר לייסעאום אַסאָסיאיישן פון באָסטאָן, | $500.00 | פאַר | געגן |
| בית ישראל האָספּיטאַל פון באָסטאָן — — | 250.00 | פאַר | געגן |
| אינטערנעשאַנאַל האָום — — — — — | 200.00 | פאַר | געגן |
| טשעלסי לייבאָר לייסעאום — — — — | 200.00 | פאַר | געגן |
| ניו-ענגלאַנד ביוראָ — — — — — — | 200.00 | פאַר | געגן |
| סענטער לייבאָר ליג — — — — — — | 200.00 | פאַר | געגן |
| מושב זקנים — — — — — — — | 100.00 | פאַר | געגן |
| סטרייקנדע אייזן-אַרבעטער — — — — | 100.00 | פאַר | געגן |
| פאַרייניקטע אידישע געווערקשאַפטן — — | 100.00 | פאַר | געגן |
| באָסטאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע — — — — | 100.00 | פאַר | געגן |
| בית יתומים — — — — — — — — | 50.00 | פאַר | געגן |
| הכנסת אורחים — — — — — — — | 50.00 | סאַר | געגן |

7. אַלגעמיינע ביישטייערונגען צו אַרבעטער און ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַרבעטער בונד פון פּוילן — — — — — | 2000.00 | פאַר | געגן |
| אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע— — | 750.00 | פאַר | געגן |
| רענד סקול — — — — — — — — | 1000.00 | פאַר | געגן |
| שיקאַגאָ נאַציאָנאַלע פּאַרטיי-הויז — — | 1000.00 | פאַר | געגן |
| ניו-יאָרק „קאָל" — — — — — — — | 1000.00 | פאַר | געגן |
| „נייע וועלט" — — — — — — — | 750.00 | פאַר | געגן |
| „מעסענדזשער" (אַ צייטונג צו אַגיטירן דעם סאָציאַליזם צווישן די שוואַרצע) — | 500.00 | פאַר | געגן |
| שיקאַגאָר ענגלישע סאָציאַליסטישע צייטונג, (די סומע זאָל געגעבן ווערן ווען די צייטונג וועט אָנפאַנגען צו דערשיינען.) | 5000.00 | פאַר | געגן |
| „פרייע אַרבייטער שטימע" — — — — | 800.00 | פאַר | געגן |
| לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום — — — | 1000.00 | פאַר | געגן |
| לאָס אַנדזשעלעס רעליף פאַר קאָנסאָמפּטיווס, | 2000.00 | פאַר | געגן |
| דענווער סאַניטאַריום — — — — — | 500.00 | פאַר | געגן |
| דענווער קאָנסאָמפּטיוו רעליף — — — | 1000.00 | פאַר | געגן |
| צו פאַרשידענע האָספּיטאַלס — — — — (די צעטיילונג זאָל איבערגעגעבן ווערן צו דער נאַצ. עקז. קאָם.) | 5000.00 | פאַר | געגן |
| דעפענס און אַמנעסטי באַוועגונג — — — (די נאַצ. עקז. זאָל צעטיילן די געלדער ווי זי וועט געפינען פאַר נייטיק.) | 2500.00 | פאַר | געגן |
| היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. — — | 3000.00 | פאַר | געגן |
| נאַטשוראַליזיישן אייד ליג — — — — | 300.00 | פאַר | געגן |
| קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע — — — | 100.00 | פאַר | געגן |
| קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט — — | 50.00 | פאַר | געגן |
| פערער סקול — — — — — — — — | 50.00 | פאַר | געגן |
| סעקרעטאַריאַט פון קאָנווענשן — — — | 50.00 | פאַר | געגן |
| „וועטעראַן דעפענס ליג"— — — — — | 50.00 | פאַר | געגן |
| פאָלקס-ביבליאָטעק — — — — — — | 50.00 | פאַר | געגן |

# באַריכט פון צווייטן צוזאַמענפאָר פון די אידישע א. ר. שולן

### אָפּגעהאַלטן אין קליוולאַנד, אָ., דעם 27, 28, 29 און 30־טן אַפּריל 1921

### די זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לייבאָר לייסעאום, 5612 סקאָוויל עוו.

## ערשטע זיצונג (מיטוואָך 1:30 נאָכמיטאָג)

פר. פינקעלשטיין (לערער פון קליוולאַנד) עפנט דעם צוזאַמענפאָר. די ערעפנונגס־רעדע האַלט פר. נ. פיינערמאַן, פאָרזיצער פון נאַציאָנאַלן בילדונגס־קאָמיטעט. ער ציינט אָן אויף דעם שנעלן וואוקס פון דער באַוועגונג. סך־הכל מיט 5 יאָר צוריק האָט די שיקאַגאָר קאָנווענשן גאָר הערן ניט געוואָלט פון אַ אידישער אַרבעטער־שול. פאַראַיאָרן האָבן מיר שוין געהאַט אַ קאָנפערענץ פון 23 שולן מיט 1600 קינדער. היינט עפענען מיר דעם צוזאַמענפאָר מיט 45 שולן און 8600 קינדער. ער צייגט אָן, אַז דער צוזאַמענפאָר וועט דאַרפן אויסאַרבעטן מיטלען ווי צו פאַרטיפן די שולן, וועלכע זיינען שוין דאָ, און ניט יאָגן זיך נאָך אויסברייטונג.

יעקב לעווין ווערט דערוויילט ערשטער פאָרזיצער. אין זיין רעדע צייגט ער אָן, אַז די אויפגאַבע פון היינטיקן צוזאַמענפאָר וועט זיין מאַכן די שולן איינהייטלאַך אין גייסט, אַזוי ווי פאַראַיאָרן האָט מען זיי געמאַכט איינהייטלאַך אין פּראָגראַם; באַטראַכטן די פראַגן וועגן׳אַ מיטלשול, אַ לערער־זשורנאַל און אַ קאָנטראָל פון צענטער אויף דער פעריפעריע.

ער רעקאָמענדירט דעם צוזאַמענפאָר צו קאָנטראָלירן און קאָנסטיטואירן זיך.

עס ווערט ערוויילט אַ סעקרעטאַריאַט אויף דער צייט פונ׳ם גאַנצן צוזאַמענפאָר. דראַגונסקי (נ. י.) און סמאָליאַר (שיקאַגאָ) די ערווייל טע סעקרעטאַרן.

אין דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע ווערן ערוויילט: פינקלשטיין, קאַליש און שקלאַיר

אין דער צוטיילונגס־קאָמיסיע — וואָל, אל. מאַנאַסעוויטש און שטיינבוים.

פר. י. ב. ביילין, סעקרעטאַר פון נאַציאָנאַלן בילדונגס־קאָמיטעט, גיט אָפּ אַ באַריכט פאַר אַ יאָר טעטיקייט, איבערהויפּט פון לעצטן אויגוסט, ווען די שול־קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן. דער גאַנצער משא־ומתן מיט די שולן, שול־מכשירים, קינדער־זשורנאַל, לערער־אָנשטעלן, לערער־אויסוואַל, שולן־איינשטעלן און עפענען, שול־פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַטאָרן פאַר שול־טעקסן, אויסגלייכן סכסוכים צווישן ברענטשעס מיט שולן און פאַרוואַלטונגען מיט לערער, פּראָגראַמען, צירקוליאַרן, צוזאַמענפאָר, — אַ באַרג מיט אַרבעט, און אַלץ מוז געטאָן ווערן אין צייט, אויף גיך, מיט אייגענע הענט, מיט מענשן פאַרנומענע, דאָס איז ווירקלאַך אַן אומגעהייערע שטיק אַרבעט. און נעמענדיק אין אַכט, אַז די אַרבעט איז אינגאַנצן אַ נייע און די טוער לחלוטין ניט צוגעגרייטע, און אַז דערביי זיינען באַגאַנגען געוואָרן זייער וויניק און אומבאַדייטענדע חסרונות, — ווערט פאַרשטאַנדיק מיט וואָס פאַר אַן אָנשטרענגונג, איבערגעבנקייט און ליבע צו דער זאַך די שול־קאָמיסיע האָט געאַרבעט.

נאָך ביילינען גיט אָפּ אַ באַריכט די מאַנדאַט׳ן קאָמיסיע:

צום צוזאַמענפאָר זיינען געקומען 40 דעלעגאַטן פון 27 שולן. עס ווען אָנגענומען די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיסיע ווי צו פירן די זיצונגען.

די דעלעגאַטן ווערן איינגעטיילט אין פינף קאָמיסיעס: פאַרוואַלטונג, אויסגאַבן, סעמינאַר, פּראָגראַם און רעזאָלוציאָנס־קאָמיסיע.

ס׳ווערן פאַרהאַנדלט און אָנגענומען די רעקאָמענדאַציעס פון דער אָרטאָגראַפישער קאָמיסיע.

ס׳ווערן אויסגעהערט באַריכטן פון באַלטימאָר, דעטריאָט, האַמילטאָן, ניו־יאָרק און מינעאַפּאָליס.

פאַר דער נעקסטער זיצונג ווערט ערוויילט אַלס פאָרזיצער שאַפּיראָ פון פילאַדעלפיע, און 7:30 שליסט זיך די ערשטע זיצונג.

אין אָוונט איז געווען אַ מאַס־מיטינג מיט באַגריסונגען פון אַלע אָרגאַניזאַציעס אין און אַרום קליוולאַנד.

## צווייטע זיצונג (דאָנערשטאָג, 10 אין דער פרי)

ווערט אינגאַנצן אָפּגעגעבן אויף באַריכטן פון די ערטער: פון סיו־סיטי, פאָרטסמוט, נאָרפאָלק, פילאַדעלפיע, קליוולאַנד, ראָטשעסטער, אַטלאַנטא און שיקאַגאָ. נאָכדעם האַלט אָפּ י. לעווין זיין רעפעראַט אויף דער טעמע: „די דערציאונג־זייט פון די אַרב. רינג שולן.“

## דריטע זיצונג (2:30 נאָכמיטאָג)

### פאָרזיצער—קאַליש (שיקאַגאָ).

עס ווערט געהאַלטן אַ רעפעראַט פון יוסף וואָל: „וואָס איז דערציאונג?“ די דיסקוסיע וועגן די רעפעראַטן נעמט אָפּ די גאַנצע זיצונג. לסוף ווערט אויסגעהערט דער באַריכט פון דער סעמינאַר־קאָמיסיע. ל. לערער באַגריסט דעם צוזאַמענפאָר אין נאָמען פון פילאַדעלפיער קאָנפערענץ פון די פאָלקס־שולן.

אין אָוונט האָבן די דעלעגאַטן בייגעוואוינט אַן אונטערנעמונג, דורכגעפירט פון די תלמידים פון קליוולאַנדער שול.

## פערטע זיצונג (פרייטאָג, 10 אין דער פרי)

### פאָרזיצער—דאַראַשקין (ניו־יאָרק).

נאָכדעם ווי ס׳ווערט אויסגעהערט דער באַריכט פון פיטסבורג, האַלט אָפּ זיין רעפעראַט דר. גאָלדבערג וועגן „טעסט און עקספּערימענט־אַרבעט אין די שולן.“ דער רעפעראַט האָט פאַראינטערעסירט, און נאָך אַ דיסקוסיע ווערט באַשלאָסן: גרינדן אין נ. י. אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט אויסאַרבעטן מיטלען ווי צוצופּאַסן די בינע־סימאַן סיסטעם צו אונזער לשון.

י. שטיינבוים האַלט זיין רעפעראַט וועגן „פּראָגראַם פאַר׳ן ערשטן יאָר.“

## פינפטע זיצונג (פרייטאָג, 2:30 בייטאָג)

### פאָרזיצער—מערלין (אַטלאַנטא).

ק. מאַרמאָר האַלט אַ רעפעראַט וועגן געשיכטע אין די אַרב. רינג שולן; י. לעווין האַלט אַ צווייטן רעפעראַט אויף דער זעלבער טעמע. די פראַגע ווערט אַלזייטיק דיסקוטירט. בין השמשות האַלט ל. לערער אַן „עקספּרעס רעפעראַט“ וועגן קינדער־קלובן, און קרישטאַל—וועגן לערער־ביכער. דער אָוונט ווערט אָפּגעגעבן דער אַרבעט אין די דיסקוסיעס.

ביינאַכט אַ באַנקעט.

## זעקסטע זיצונג (שבת, 1:30 בייטאָג)

### פאָרזיצער ק. מרמר.

דער צוזאַמענפאָר פאַרהאַנדלט און נעמט אָן פאַרשידענע רעזאָלוציעס און רעקאָמענדאַציעס וועגן מעטאָדיק און פּראָגראַם, וועגן מיטלשולן און אָרטאָגראַפיע, קינדער־גערטנער און געזאַנג, שול־קאָמיסיע און פאַרבינדונג מיט אייראָפּע, וועגן לער־ביכער און לערער־זשורנאַל, פּראָפּאַגאַנדע און שול־אינספּעקציע, און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן אַ שייכות מיט דער שול־באַוועגונג.

דער פאָרזיצער שליסט דעם צוזאַמענפאָר און באַטאָנט, אַז דער צווייטער שול־צוזאַמענפאָר איז געווען רייך אין לערער־אַרבעט, אַז די לערער מעגן זיין צופרידן מיט דעם הייך, אויף וועלכער זיי האָבן זיך דאָס מאָל אויפגעהויבן.

י. ל. דראַגונסקי, ב. סמאָליאַר, סעקרעטאַרן.

---

## רעזאָלוציעס

---

### באַציאונגען צו אַנדערע איד. שולן

דער צוזאַמענפאָר דערקלערט, אַז ער קוקט ניט אויף די איד. פאָלקס־שולן—ווי אויף קאָנקורירנדע אינסטיטוציעס, מיט וועלכע די אַ. ר. שול דאַרף קעמפן. אונטערשיידענדיק זיך פון די אידישע פאָלקס־שולן סיי אין פּראָגראַם און סיי אין דער ריכטונג פון דער דערציאונג, קאָנען דאָך די אַ. ר. שולן אין געוויסע הינזיכטן, באַזונדערס ביים אַרויסגעבן ליטעראַטור פאַר לערער, מיט אַרבעטן מיט יענע שולן.

דער צוזאַמענפאָר דענקט אויך, אַז אין פלעצער מיט אַ קליינער איד. אַרב. באַפעלקערונג, איז מעגלאַך, די אַ. ר. ברענטשעס אָדער אַ. ר. מיטגלידער זאָלן צוציען צו דער אָרגאַניזירונג און פאַרוואַלטונג פון דער שול אויך אַנדערע אַרב. אָרגאַניזאַציעס און אַרבעטן צוזאַמען מיט זיי, אויב יענע זיינען מסכים מיט דער פּראָגראַם פון די אַ. ר. שולן און ווילן זיך אונטערוואַרפן דער שולן־אינספּעקציע פון אַ. ר. וועגן דעם נאָמען פון אַזאַ שול זאָל דער בילדונגס־קאָמיטעט באַשטימען.

### לערער־סעמינאַר

דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט, אַז ווי דער לערער־סעמינאַר איז איצט צוזאַמענגעשטעלט, סיי אין זיינע לימודים און סיי אין דער פאַרוואַלטונג, איז ניט צופרידנשטלנדיק פאַר די אַ. ר. שולן. —

דער צוזאַמענפאָר באַשליסט, אַז אַ פאַראייניגונג מיט׳ן סעמינאַר וועט נאָר מעגלאַך זיין דאַן, ווען ס׳וועלן אַריינגעטראָגן ווערן די נייטיקע ענדערונגען אין די לימודים און אין דער פאָרם פון פאַרוואַלטונג.

אין פאַל פון פאַראייניגונג זאָל דער אַ. ר. האָבן ניט וויניקער ווי העלפט פון דער פאַרטרעטערשאַפט אין דער סעמינאַר־פאַרוואַלטונג.

אין פאַל קיין פאַראייניגונג מיט׳ן סעמינאַר וועט צוליב וועלכע עס איז אורזאַכן ניט פאַרקומען, זאָל דער בילד. קאָמ. פון אַ. ר. אויפגעפאָדערט ווערן צו עפענען אייגענע אַ. ר. לערער־קורסן.

## דאנק־רעזאלוציעס

דער צוזאמענפאר דריקט אוים זיין דאנק דעם קליוולענדער דיסטריקט קאמיטעט פון א. ר. פאר דער שיינער ארגאניזירונג פונ׳ם צוזאמענפאר און פאר פארשאפן די דעלעגאטן די באקוועמליכקייטן, וואס האבן זיי געהאלפן אינטענסיווער צו ארבעטן.

די רעזאלוציאנס קאמיסיע רעקאמענדירט, די א. ר. לערער־קורסן זאלן פאנאנדערשיקן געשריבענע לעקציעס צו די לערער, וועלכע קענען נישט באזוכן די שולן.

## געזאנג

דער שול־צוזאמענפאר רעקאמענדירט דעם בילד. קאם. אויפצופענען, וואו מעגלאך, ספעציעלע קורסן פון זינגען פאר די לערער פון די שולן.

## געאגראפיע

דער שול־צוזאמענפאר באאויפטראגט די שול־קאמיסיע צו באטראכטן די פראגע וועגן אידישער געאגראפיע אין דער עלעמענטארער א. ר. שול.

## מיטל־שול

דער צוזאמענפאר אנערקענט:

1) אז עס איז נייטיק, די קינדער, וואס פארענדיקן דעם עלעמענטארן קורס אין אונזערע שולן און וואס האבן א חשק פארצוזעצן ווייטער לערנען אין דערזעלבער ריכטונג, זאלן האבן א פלאץ, וואו ווייטער לערנען פארצוזעצן.

2) נעמענדיק אין אכט, אז דאס יאר ענדיקן אונזערע עלעמענטארע שולן א גאנצע ריי קינדער אין ניו־יארק און א געוויסע צאל קינדער אויך אין שיקאגא, באשליסט דעריבער דער צוזאמענפאר רעקאמענדירן דעם נאצ. בילד. קאמיטעט, ער זאל עפענען אין ניו־יארק מיט אנהייב פון דעם קומענדיקן יאר ביי איינער פון די ניו־יארקער שולן דעם ערשטן קלאס פון אן א. ר. מיטל־שול לויט דעם פלאן און דער פראגראם פון דער שול־קאמיסיע און ער זאל אויך זען איינארדענען אזא קלאס ביי איינער פון די שיקאגאר א. ר. שולן.

## שול־קאמיסיע

דער צוזאמענפאר אנערקענט, אז צוליב דער געהעריקער אנפירונג פון דער שול־ארבעט אין א. ר. איז נייטיק, אז די אלע פראגן וואס האבן וועלכע עס איז שייכות צו די שולן און דער שול־באוועגונג זאלן פריער פארהאנדלט ווערן אין דער שול־קאמיסיע, אוידער דער בילדונגס קאמיטעט נעמט אן וועגן זיי געוויסע באשלוסן, סיידן די פראגן זיינען דרינגענדע, און אז אין ריין מעטאדישע פראגן זאל די שול־קאמיסיע האנדלען זעלבסטשטענדיק.

דער צוזאמענפאר אנערקענט אויך, אז די שול־קאמיסיע, חגם באשטימט פון בילדונגס־קאם., דארף דאך אפגעבן א באריכט פאר׳ן נעקסטן שולן־צוזאמענפאר און זיין פאראנטווארטלאך פאר אים פאר איר ארבעט.

## שולן־צוזאמענפאר

דער צוזאמענפאר בעט דעם נעקסטן בילד. קאם. און די נייע עקז. פון א. ר., זיי זאלן ביים ארגאניזירן דעם קומענדן שולן־צוזאמענפאר באשטימען די צאלונגען פאר באן־הוצאות פון די דעלעגאטן אזוי, אז אלע שולן זאלן קענען זיין פארטראטן ביים צוזאמענפאר.

דער צוזאמענפאר בעט די 21־טע קאנווענשן אינסטרואירן דעם נאצ. בילד. קאם. צו ארגאניזירן ווייטער יעדעס יאר דעם א. ר. שולן־צוזאמענפאר מיט א באר וואכן פאר דער א. ר. קאנווענשן, כדי די לערער זאלן קאנען זיין צוריק אין די שולן צו דער פייערונג פון דעם 1טן מאי יום־טוב.

## שול־אינספעקציע

דער צוזאמענפאר אנערקענט, אז כדי די א. ר. שולן זאלן זיין ווירקלאך איינהייטלאך סיי לויט זייער פראגראם און סיי לויט דער ריכטונג, אין וועלכער עס ווערט דארט געפירט די דערציאונג פון די קינדער, — איז אומבאדינגט נייטיק, עס זאל איינגעשטעלט ווערן א געהעריקע אינספעקציע פון די א. ר. שולן.

דער צוזאמענפאר באשליסט דעריבער:

1) אז יעדע א. ר. שול מוז יעדן מאנאט צושיקן א גענויעם באריכט פון איר ארבעט צו דער שול־קאמיסיע, און

2) אז די שול־קאמיסיע, אדער דער נאצ. בילד. קאם., זאל ווייניקסטנס איין מאל אין יאר באזוכן יעדע שול דורך א קאמפעטענטן פארטרעטער, וואס זאל קומען צו הילף די לערער און פארוואלטונגען פון די שולן מיט זיין פריינדלאכן ראט. דער נאצ. בילד. קאם. און די שול־קאם. וועט פון די גענויע און אלזייטיקע באריכטן פון דעם פארטרעטער באקענען זיך מיט דעם ווירקלאכן צושטאנד פון די שולן.

## ארטאגראפיע

דער צוזאמענפאר אנערקענט די ארטאגראפישע קאמיסיע אין ניו־יארק און באשליסט אונטערצואווארפן זיך אירע באשטימונגען אין אלע פראגן פון אידישן אויסלייגן.

דער צוזאמענפאר פארפליכט אלע לערער און שולן און אויך די שול־קאמיסיע פון א. ר. איינצופירן ביי זיך די ניי־אנגענומענע כללים פון דער ארט. קאם. סיי אין די קלאסן סיי אין זייער אפיציעלער קארעספאנדענץ, סיי אין זייערע אויסגאבן.

מיר רעקאמענדירן דער ארטאג. קאמיסיע: 1) זי זאל אויף אירע ווייטערדיקע זיצונגען אויפנעמען די פראגע וועגן אויסלייגן דעם העברייאישן עלעמענט אין אידיש לויט די אלגעמיינע כללים פון דער אידישער ארטאגראפיע, און 2) זי זאל אויפנעמען אזוי שנעל ווי מעגלאך די פראגע פון געשלעכט פון די הויפטווערטער, וועגן וועלכע עס זיינען פאראן מיינונגס־פארשידנהייטן.

דער צוזאמענפאר פאדערט אויף די שול־קאמיסיע זי זאל אויסארבעטן מעטאדן, ווי אזוי אריינצופירן די נייע ארטאגראפישע כללים אין די א. ר. שולן.

## „קינדערלאנד"

דער צוזאמענפאר פון די א. ר. שולן רעקאמענדירט דער רעדאקציע פון „קינדערלאנד", א טייל פונ׳ם לעז־מאטעריאל זאל זיין צוגעפאסט פאר די קינדער פון די אינגערע קלאסן; די אדמיניסטראציע ווערט אויפגעפאדערט זי זאל זען דער זשורנאל זאל ארויסגעשיקט ווערן אין ציים און ס׳זאל אנגעפירט ווערן א פראפאגאנדע פאר דעם זשורנאל צווישן די עלטערן פון די קינדער, וועלכע לערנען אין די א. ר. שולן.

## לערער־זשורנאל

דער שולן־צוזאמענפאר אנערקענט, אז פאר דער געהעריקער אנפירונג פון דער ארבעט אין די שולן איז אומבאדינגט נייטיק א לערער־זשורנאל. ער באשליסט דעריבער צו רעקאמענדירן דער קאנווענשן, זי זאל אינסטרואירן דעם נייעם בילד. קאם., ער זאל אזא זשורנאל (4־5 ביכער א יאר) ארויסגעבן.

אין פאל אבער אויב די קאנווענשן וועט ניט באשטימען דאס ארויסגעבן פון א לערער־זשורנאל, באשליסט דער צוזאמענפאר אין פארוים, אז יעדע א. ר. שול, און יעדער לערער, און יעדער סעקרעטאר פון אט־א־די שולן, זאלן מוזן בייטראגן פאר דעם צוועק צו איין (1) דאלער א מאנאט; דאס געלט דארף צוגעשיקט ווערן צו דער שול־קאמיסיע.

## פראגראם און מעטאדיק

דער 2־טער שולן־צוזאמענפאר פאדערט אויף די קומענדיקע נאצ. שול־קאמיסיע פאנאנדערצושיקן צו די שולן ביבליאגראפישע אנווייזונגען וועגן:

1) פארלעזונגען פאר די קינדער; 2) שפילן און געזאנג; 3) מעטאדן פון לערנען און קלאספירונג; 4) פארמען פון פייערן פארשידענע ימים־טובים; 5) קלוב־טעטיקייטן.

די שול־קאמיסיע ווערט אויפגעפאדערט צוצוציען צו דער אויסארבעטונג פון דער ביבליאגראפיע און פון די רעקאמענדאציעס די פאסנדע קרעפטן פון אלע א. ר. שולן.

אלע לערער פון די א. ר. שולן ווערן אויפגעפאדערט צוצושטעלן דער שול־קאמיסיע אלע מעגלאכע אינפארמאציעס און מאטעריאלן, וואס קאנען ארויסהעלפן ביים צוזאמענשטעלן די אנגעמערקטע אנווייזונגען.

## פארלאג פאר שול־ביכער

### רעזאלוציעס

דער צוזאמענפאר רעקאמענדירט דעם בילדונגס קאמיטעט צו

1) גרינדן אן אייגענעם פארלאג פאר שול־ביכער און קינדער־ליטעראטור. דער פארלאג זאל אוועקגעשטעלט ווערן אויף א געשעפטלאכן באזיס.

2) דער פארלאג זאל ארויסגעבן שול־ביכער פאר אונזערע שולן אין איינקלאנג מיט די רעזולטאטן, צו וועלכע עס וועט קומען די פראגראם־קאמיסיע.

3) אלע אויסגאבן פון פארלאג זאלן רעדאגירט ווערן פון א קאלעגיום, אדער פון אן איינצעלנער פערזאן, וואס זאל ערוויילט ווערן פון דער פראגראם־קאמיסיע צוזאמען מיט דער שול־קאמיסיע. די קאמיסיעס קענען צוציען צו דער ארבעט אויך זייטיקע מענשן, ווען נייטיק.

## וועגן א פראגראם־ביכל

נעמענדיק אין באטראכט, אז דאס פראגראם־ביכל, וואס דער נאצ. בילדונגס־קאמיטעט האט ארויסגעגעבן מיט צוויי יאר צוריק, איז שוין ניט אינגאנצן צוגעפאסט צו דער פראגראם פון די שולן א דאנק די ענדערונגען, וואס ביידע שול־צוזאמענפארן האבן אריינגעטראגן אין דער פראגראם, רעקאמענדירט דער צוזאמענפאר דעם בילד. קאם. אזוי שנעל ווי מעגלאך צוזאמענצושטעלן און ארויסגעבן א ניי פראגראם־ביכל, באנוצנדיק זיך דערצו סיי מיט די טיילן פון דעם דערמאנטן ביכל, וואס זיינען צוגעפאסט צו דער שולן־פראגראם, סיי מיט די ניי־אנגענומענע פראגראם־טיילן.

דער צוזאמענפאר באאויפטראגט די שול־קאמיסיע צו באשטימען פון וואס פאר אן עלטער עס זאלן אריינגענומען ווערן קינדער אין די

א. ר. שולן און דער דויער פון דעם קורס אין דער עלעמענטארער א. ר. שול.

דער צוזאמענפאר פאדערט אויף די שול־קאמיסיע ארויסצוגעבן א זאמלונג פון ביאגראפיעס פון די פערזאנען, וועגן וועלכע עס איז באשלאסן געווארן צו דערציילן אין אונזערע שולן, און אויך אזוי שנעל ווי מעגלאך צוזאמענשטעלן און פאנאנדערשיקן אין אלע שולן ביבליאגראפישע אנווייזונגען פאר אזעלכע ביאגראפיעס.

אנערקענענדיק, אז ס'איז דרינגענד נייטיק א לערן־בוך פון געשיכטע, וואס זאל קאנען געברויכט ווערן אין אונזערע שולן, פאדערן מיר אויף דעם נאצ. בילד. קאמ., באלד ווי דער שול־פארלאג וועט געגרינדעט ווערן, אנווענדן אלע מעגלאכקייטן צו קריגן א צופרידנשטעלנדקע ארבעט אין דעם געגנשטאנד און עס באלד ארויסגעבן.

## קינדער טעאטער

דער צוזאמענפאר פאדערט אויף דעם בילד. קאמ., ער זאל באנייען דעם קאנקורס פאר א קינדער־דראמע אדער פאר איינאקטערס. וואס זאלן זיין פאסיק פאר א קינדער־טעאטער.

דער צוזאמענפאר פאדערט אויך אויף די שול־קאמיסיע, זי זאל איבערגעבן צו באארבעטן זאכן, וואס פאסן זיך פאר דראמאטיזאציע, אדער איבערזעצן אזעלכע פאסיקע זאכן און מאכן מעגלאך, די שולן זאלן זיך מיט די אויף אזא אופן צוגעגרייטע זאכן קאנען באנוצן.

## שול־פארוואלטונג

די שול־פארוואלטונג זאל צוזאמענגעשטעלט ווערן פון די ארטיקע ברענטשעס און מיטגלידער פון דעם א. ר. עס איז נייטיק די לערער זאלן צוגעצויגן ווערן צו די פארוואלטונגען, און א לערער פון דער שול זאל ביי די מיטינגען אפגעבן א באריכט פון דער שול־ארבעט. די שול־סעקרעטארן דארפן אויך צוגעצויגן ווערן צו די פארוואלטונגען.

## שול־פאנד

דער צוזאמענפאר אנערקענט,\אז דער בילדונגס־קאמיטעט וואלט געדארפט אריינטראגן מער סיסטעם ביים אויסטיילן געלט־שטיצע צו די איינצעלנע שולן.

דער צוזאמענפאר דענקט, אז דער טייל פון שול־פאנד, וואס ווערט באשטימט פון בילד. קאמ. פאר אט דער שטיצע, וואלט געדארפט אויסגעטיילט ווערן צווישן די שולן פראפארציאנעל צו די דעפיציטן פון די שולן, וואס דער בילד. קאמ. וועט אנערקענען. 2) דער שול־צוזאמענפאר אנערקענט, אז כדי צו באפרידיקן די באדערפעניש פון דער א. ר. שול באוועגונג, וואס האלט אין איין וואקסן און אויסברייטן זיך, איז נייטיק, אז דער טעקס פאר'ן שול־פאנד זאל געהעכערט ווערן.

## לאקאלער טעקס

נעמענדיק אין אנבאטראכט די שווערע לאגע אין די שולן צו ספראווען זיך מיט די דעפיציטן, רעקאמענדירט דער צוזאמענפאר, אז יעדע שול־פארוואלטונג זאל זיך אנשטרענגען דורכצופירן א לאקאלן טעקס ביי די ארטיקע ברענטשעס פון דעם א. ר.

## וועגן פראפאגאנדע

דער צוזאמענפאר אנערקענט, אז צוליב דער נארמאלער אנטוויקלונג פון דער א. ר. שול־באוועגונג איז נייטיק, אז די ברייטע מיטגלידערשאפט פונ'ם א. ר. און די ברייטע אידישע ארבעטער־מאסן אין אמעריקע בכלל זאלן זיין גוט באקאנט מיט די צילן און אויפגאבן פון דער א. ר. שול און מיט דעם כאראקטער פון איר דערציאונגס־ארבעט, וואס עס איז נאך ביז איצט ניט דער פאל, ווי עס האבן באוויזן די באריכטן פון די ערטער.

דער צוזאמענפאר פאדערט דעריבער אויף די שול־קאמיסיע און דעם בילדונגס־קאמ., זיי זאלן אנפירן וואס א ברייטערע פראפאגאנדע פאר די א. ר. שולן צווישן די אידישע ארבעטער, סיי אין „פריינד" סיי אין דער אלגעמיינער ארבעטער־פרעסע און סיי דורך באזונדערע ליפלעטס און בראשורן.

דער צוזאמענפאר דריקט אויס די אומצופרידנהייט, וואס די פרעסע, וועלכע ווערט אפיציעל אנערקענט פון אונזערע קאנווענשנס, גיט ניט קיין פלאץ פאר ארטיקלען, אין וועלכע די אידישע ארבעטער זאלן קאנען אויפגעקלערט ווערן וועגן די אמת'ע צילן אין דער ארבעט פון די א. ר. שולן.

דער צוזאמענפאר רעקאמענדירט דער 21־טער קאנווענשן אנצונעמען מיטלען, אז די פרעסע, וואס ווערט פון דער קאנווענשן אפיציעל אנערקענט, זאל זיך אויף ווייטער ניט פיינדלאך באציען צו דער גאנצער א. ר. בילדונגס־טעטיקייט און באזונדערס צו א. ר. שול־ארבעט.

## שול־וואך

דער צוזאמענפאר אנערקענט די נויטווענדיקייט פון פראפאגאנדירן די אידעע פון די שולן און זייער טעטיקייט דורך א ספעציעלער שול־וואך, און רעקאמענדירט דעריבער די שולן אזא שול־וואך איינצוארדנען.

## באריכט פון צוזאמענפאר

דער צוזאמענפאר פאדערט אויף די נאצ. שול־קאמיסיע אזוי שנעל ווי מעגלאך ארויסגעבן א פולן באריכט פון 2־טן צוזאמענפאר; די באריכטן, רעפעראטן, דיסקוסיעס א. ד. ג.

דאס דאזיקע זאמלבוך זאל צעשיקט ווערן צו די שולן.

## קינדער־גערטנער

דער צוזאמענפאר פאדערט אויף די שול־קאמיסיע, זי זאל אין משך פון נעקסטן יאר דורך א ספעציעלער קאמיסיע דערלערנען די פראגע וועגן דער מעגלאכקייט פון עפענען איד. קינדער־גערטנער און קומען צו דער נעקסטער קאנווענשן מיט קאנקרעטע רעקאמענדאציעס, סיי וועגן דער גרינדונג פון אזעלכע גערטנער, סיי וועגן די מיטלען, ווי זיי אנצופירן און אויסצוהאלטן.

## רעקאמענדאציע צו דער שול־קאמיסיע

דער צוזאמענפאר רעקאמענדירט דער שול קאמיסיע צו שטעלן זיך אין פארבינדונג מיט די וועלטלאכע אידישע שולן אין אייראפע מיט'ן צוועק צו שאפן אן אלוועלטלאכע אידישע שול־ביורא, וואס זאל ווי ווייט מעגלאך פאראייניהייטלאכן די פארשידענע טעטיקייטן פון די אידישע שולן אומעטום.

# באריכטן פון דער גענעראל עקזעקוטיוו קאמיטע

## רעפארט פון עקזעקוטיוו קאמיטע

דער אינסטאלליישאן מיטינג פון דער ניי־ערוויילטער עקזעקוטיוו פאר'ן יאר 1921־1922 ווערט אפגעהאלטען מיטוואך אווענט דעם 18־טען מאי. די פראטאקאלן פון די לעצטע מיטינגען ווערן פארגעלעזן און גוטגעהייסן.

פריינד י. ישורון, טשערמאן פון דער אלטער עקזעקוטיוו, באריכטעט, אז פר. באסקין און ער זיינען געוועזן ביי דער ספעשעל קאנווענשאן פון דעם לייבאר ליג, אפגעהאלטן דעם 15־טן און 16־טן אפריל. עס זיינען דארט פארהאנדלט געווארן די פראגע וועגן די פאראייניגונג צווישן דעם ארבייטער רינג און דעם לייבאר ליג. דער באשלוס וועגן דער פאראייניגונג איז אנגענומען געווארן איינשטימיג. ווען אט דער באשלוס איז געפאסט געווארן, האט אין האל אנגעהאלטן א הערלאכע דעמאנסטראציע חיבשע עטלאכע מינוט, ס'האט אין יעניעם מאמענט געהערשט א באגייסטערטע שטימונג צווישן אלע אנוועזענדע. זיין באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר יודיטש באריכטעט, אז דער נייער ברענטש וואס איז געגרינדעט געווארן אין פאל ריווער, מאס., באשטייט פון פריערדיגע מיטגלידער פון אינדיפענדענט ארבייטער רינג, וועלכע האבן זיך אפגעריסן פון דעם דארטיקן „אינדעפענדענט" ברענטש. אט דער ברענטש באשטייט פון זעהר א סימפאטישען עלעמענט, און פאר־

שפרעכט צו זיי אן אנגעזעהנע ארגאניזאציע אין יענעם געגענד אין דער נאענטער צוקונפט א טאג נאך דער קאנווענשאן איז אין באסטאן אפגעהאלטן געווארן א מיטינג מיט דער מאסאטשוזעטס ארגאניזאציאנס קאמיטע. אחוץ די נאציאנאלער ארגאניזאציאנס קאמיטע מיטגלידער זיינען אויך אנוועזענד געוועזן פר. באסקין און ישורון ס'זיינען דארט פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגן וויטערדיגע טעטיגקייטען און וועגען די פונקציעס פון דער קאמיטע. עס איז פארשטאנען געווארן, אז יענע ארגאניזאציאנס־קאמיטע זאל רעארגאניזירט ווערן, און זעהן אנפירען ענערגישע ארבייט צו מאכען דעם ארביימער רינג פאפולער אין מאסאטשוזעטס סטייט זיין באריכט ווערט גוטגעהייסן.

פר. ישורון ערקלערט, אז לעצטען מאנאט איז געוועזן די לוית פון פר. ראפאפארט, געוועזענער מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו. ער איז געוועזן ביי דער לוית, אויסער אים זיינען ביי דער לוית געוועזן איניגע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו, די בעאמטע און מאנכע אנגעשטעלטע פון אפיס פר. ישורון בעט די עקזעקוטיוו מיטגלידער זיך אויפצוהויבן פון די פלעצער צו בערן דעם אנדענקונג פון דעם פארשטארבענעם.

פר. באסקין בעט צו ערוויילען א קאמיטע וואס זאל באשטיין פון דער פריערדיגער און פון דער נייער עקזעקוטיווו, אום דורכצו־

קוקן די וויאוטשערס און בילס וואס זיינען צוגעשטעלט געווארן פון דער באסטאנער קאנוועגשאן ארענדזשמענט קאמיטע עס ווערן ער־וויילט פר. ישורון און ראזענבלאט.

## אינסטאלליישאן

פר. ישורון דריקט אויס א דאנק צו די מיטגלידער פון דער פריערדיגער עקזעקוטיוו פאר דעם צוטרויען וואס זיי האבן אים געשאנקען לעצטן יאר אלס טשערמאן פון דער עקזעקוטיוו, און אויך פאר די הארמאנישע ארבייט וואס די גאנצע עקזעקוטיוו האט דורכ־געפירט. ער גיט דאן איבער צו פר. אלפערט, וויס־טשערמאן פון דער פריערדיגער עקזעקוטיוו צו אינסטאלירען די נייע־ערוויילטע עקזע־קוטיוו קאמיטע ביים איבערגעבען דעם אמט האט פר. אלפערט אויס־געדריקט די האפענונג, אז אט דעם יאר וועט די ארבעט פון דער נייע־ערוויילטער עקזעקוטיוו זיין קאנסטרוקטיוו צו מאכען דעם ארבייטער רינג נאך שענער און שטארקער; אז די ערוויילטע עקזעקוטיוו וועט זיך ערשט יעצט גלייך נעמען צו דער ארבייט אין ארגאניזירען ברענ־טשעס אין מאסאטשוזעטס סטייט און מאכען דעם ארבייטער רינג דארט אזוי פאפולאר ווי מעגליך. ער אינסטאלירט דאן אפיציעל די נייע־ערוויילטע עקזעקוטיוו.

פר באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, האלט א קורצע רעדע, און ער דייטעד אן, אז די נייע עקזעקוטיוו פאר דעם יאר 1921 וועט האבן אויף זיך גרויסע פאראנטפארטליכע אויפגאבען. ווייל אין דער צייט פון דער יעצטיגער רעאקציע וועט דער ארבייטער רינג דארפן א מער אנגעשטריינקטן קאמפיין ווי אין די פריערדיגע צייטען, אום צו גיין ווייטער אויפ'ן וועג פון ערפאלג און פראגרעס.

פר. ר. גוסקין, וועלכער איז ערוויילט געווארן ביי דער לעצטער קאנוועגשאן אלס טשערמאן פון ארבייטער רינג, נעמט דאן איבער דעם אמט. ער אפעלירט צו אלע נייע־ערוויילטע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו צו קא־אפערירען אין דער געמיינשאפטליכער ארבייט צו וועלכע די מיטגלידערשאפט האט זיי ערוויילט, און דורכפירען ער־פאלגרייך איר ארבייט. ער שטעלט דאן פאר פר. פרישוואסער, הייפער־ליגג יודיטש, עבעריל, פיינערמאן און אלטמאן, וועלכע טרעטען ארויס פון דער פארוואלטונג. זיי האלטן קורצע רעדעס, אין וועלכע זיי דריקן אויס די האפנונג, אז די נייע־ערוויילטע עקזעקוטיוו וועט טאן איר פליכט, און ביישטייערן איר חלק צו העלפן דעם ארבייטער רינג אויף דעם וועג פון זיין ווייטערדיגע ענטוויקלונג.

## צושריפטען

פון ברענטש 88 — זיי שיקן צוריק דעם רעפערענדום באלאט פאר דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו ניט געשטימט, אלס פראטעסט געגן דער ציילער קאמיטע וואס איז ערוויילט געווארן ביי דער טערי־טאריען קאנפערענץ צו ציילן די באלאטס פאר די דעלעגאטן צו דער קאנוועגשאן. באשלאסן דעם צושריפט צו פיילן.

פון העברי סטריט סעטלמענט, גווירסערי דעפארטמענט. זיי באדאנקען פאר די $200 וואס איז פאר זיי באוויליגט געווארן פון דער פאראיאריגער קאנוועגשאן.

פון די מאנטעפיאר האום, — שיקן צו א דאנק־בריף פאר די $500.00 וואס איז פאר זיי בייגעשטיירט געווארן און פאר די עקסטרא $100 וואס איז געשיקט געווארן צו זיי אויף דעם נאמען פון דעם פארשטארבענעם דר. קלימענקא.

פון מאראנטא האספיטאל פאר קינדער — באדאנקען פאר די $25 וואס איז בייגעשטיירט געווארן פאר זייער האספיטאל.

פון בית ישראל האספיטאל — באדאנקען פאר די $700 וואס איז בייגעשטיירט געווארן פאר זייער אנשטאלט פון דער פאראיאריגער קאנוועגשאן.

פון ארבייטער רינג פאלקס־שול, בר. 384, האמילטאן, קענ. — זיי בעטן צו שיקן א פארטרעטער צו דער ערעפנונג פון זייער אייגענער היים, זונטאג דעם 29־טן מאי. זיי ווילען אט די געלעגנהייט אויך אויסנוצן אויף ארייגצונעמען נייע מיטגלידער. פר. באסקין ווערט ערוויילט צו זיין דארט פארטראטן.

פון בר. 12, פילאדעלפיא — לאדען איין א פארטרעטער צו זייער 20־יאריגען יובילעאום אויף זונטאג אווענד דעם 22־טן מאי. ערוויילט פר. ל. דינערשטיין

פון בונגי דעפענס קאמיטע, סאן פראנסיסקא — זיי בעטן, אז פון דער סומע וואס איז באשטימט געווארן פון דער לעצטער קאנ־וועגשן פאר דעפענס־צוועקן זאל אויך פאר זייער דעפענס־קאמיטע א טייל בייגעשטיירט ווערן. עס ווערט באשלאסען זיי ענטפערן, אז נאכדעם ווי דער רעפערענדום וועט געשלאסן ווערן, וועט די עקזע־קוטיוו בייב איינטיילען די געלדער געמען זייער פארלאנג אין אנבעטראכט.

פון מ. וואלבערג — ער רעזיגנירט פון דער סאניטאריום קא־מיטע, ווייל עס וועט פאר אים ליידער אומעגליך זיין צו אטענדען צו דער ארבייט. עס ווערט באשלאסען אנצונעמען זיין רעזיגניישאן. פר. ספיגראד, וועלכער איז אנוועזענד ביי דעם אינסטאלליישאן מיטינג, און וועלכער איז דער נעקסטער אויפ'ן באלאט פון דער סאניטאריום קאמיטע, ערקלערט, אז ער נעמט אן אויסצופילן דעם וואקאנס. פר. גוסקין, טשערמאן פון דער נאצ. עקזעקוטיוו, ערקלערט אויפ'ן פלאץ, אז ער איז צוגעצויגן אלס מיטגליד פון דער סאניטאריום קאמיטע.

פון י. וויינבערג — ער שיקט צו א שריפטלאכע רעזיגנאציע צו דער נאצ. עקזעקוטיוו צו וועלכע ער איז ערוויילט געווארן פאר דעם יאר 1921־1922. זיין רעזיגניישאן ווערט אנגענומען, און עס ווערט באשלאסן צוצוציען דעם נעקסטן אויפ'ן באלאט.

פון פר. מ. י. אשפיז — ער רעזיגנירט אלס עקזעק. סעקרעטער צו וועלכן אמט ער איז ערוויילט געווארן ביים לעצטן קאנוועגשאן פון ארבייטער רינג. עס ווערט באשלאסן אנצונעמען זיין רעזיגנאציע און פר. באסקין זאל אויספילן זיין ארבעט.

פר. עבעריל באדאנקט די עקזעקוטיוו פאר דעם פריינדליכען מיטגעפיל וואס מען האט אים ארויסגעצייגט אין דער צייט ווען ער איז געווען קראנק.

## קאמיטעס

פון עקס־פאציענטן היים פון דענווער — פר. רייכמאן, זייער פארטרעטער, ערקלערט, אז זייער אנשטאלט נעמט אריין עקס־פאצי־ענטן פון אנדערע סאניטאריומס נאכדעם ווי זיי קענען אין יענע סאניטאריומס מער ניט פארבלייבן. זיי האבן אויך 6 פאציענטן וועלכע זיינען מיטגלידער פון ארבייטער רינג. ער אפעלירט, אז די עקזעקוטיוו זאל אינדארסירן זייער אנשטאלט, ווייל זייענדיג אין ניו־יארק וויל ער באזוכען די ארבייטער רינג ברענטשעס אין פאר־בינדונג מיט זייער עקס־פאציענטן היים. ס'ווערט באשלאסן געבען אים א קרעדענשעל צו די ניו־יארקער ברענטשעס פון ארבייטער רינג.

פון דער ארבייטער רינג קא־אפעראטיווער געזעלשאפט — זיי בעטן צו שיקן צוויי פארטרעטער צו זייער קאנפערענץ וואס זיי רופן אויף זונטאג אווענט דעם 31־טן מאי. זיי לאדן אויך איין אלע מיט־גלידער פון דער עקזעקוטיוו צו באזוכן די ארבייטער רינג קא־אפעראטיווע בעקעריי.

פר. גוסקין, דער טשערמאן, באדאנקט זיי פאר דער איינלאדונג, אלס פארטרעטער צו זייער קאנפערענץ ווערן ערוויילט פר. לעוויטאן און מאלאט.

פר. האסקעל בעט צו ערוויילען א קאמיטע צו זיין פארטראטן ביי דעם אויפדעקען פון דער מצבה פאר דעם פארשטארבענעם בר. ניקאוו־סקי, וועלכער איז געווען אמאל פארטראטן אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג. ערוויילט פריינדע דזש. ראטמאן און ראזענבלאט.

## ליגעל קאמיטע

עס ווערט באשלאסן צו ערוויילן א ליגעל קאמיטע פון 5. פאל־גענדע ווערן ערוויילט: אשפיז, לעווימאן, האסקעל, מאלאט און פרווי־מאן.

עס ווערט באשלאסן, אז דער עקזעקוטיוו מיטינג פון דער נא־ציאנאלער עקזעקוטיוו זאל אפגעהאלטן ווערן זונטאג דעם 5־טן יוני.

פ. געליעבטער, רעקארדינג רעקרעטער.

---

## א בריעף פון ברענטש 349 א. ר.

ווערטער פריינד ביילין: (*

איך האב געווארט אויף א געלעגנהייט זיים דער גרינדונג פון סאניטאריום אים צו באזוכן. ס'האט זיך מיר געוואלט א קוק טאן אויף אונזערס א שיינער אינסטיטוציע, אבער צו מיין גרעסטן באדויערן איז די געלעגנהייט געקומען פאר מיר, ווען איך האב געדארפט אוועקפירן אין סאניטא־ריום מיינע א טאכטער אלס באצאלטע פאציענטין. אונזער איינענער פלאץ איז מיר גאנץ פיין גע־פעלן געווארן, אבער אין דער זעלבער צייט האט מיך שוין אינטערעסירט צו וויסן ווי אזוי די באצאלטע פאציענטן, מערסטן פרויען, קענען צאלן 80 דאלאר פאר 4 וואכן צייט. זייער ענטפער איז געווען: אז עס איז זיי טאקע זעהר שלעכט.

ביים לעצטן קאנוועגשן־רעפערענדום, ווען עס איז אנגענומען געווארן צו צאלן 20 דאלאר א וואך, האבן די מעמבערס פיליכט ניט באטראכט די פראגע: ווי אזוי וועט אן ארבעטער קענען צאלן פון קלעגלאכע וואכן־ווירדזשעס 20 דאלאר פאר א פרוי אדער א קינד, וועלכע וועט דארפן זיין אין סאניטאריום?

ווער קען דאס צאלן? און ווען דער מעמבער מוז, דאן קען פיליכט דעם מעמבערס א פרוי אדער א קינד שטארבן יונגערהייט, אן הילף, און נאר איבער זיין נעדריקטער ארימקייט אלס ארבע־טער איך וואלט נאך געווען מער צופרידן, וואס מיין טאכטער איז געזונט געווארן אין סאניטאריום, ווען איך וואלט געוואוסט אז אין ערגעץ איז ניטא א מעמבער וואס האט ניט געקענט דורך זיין ארימ־קייט אדער עלענדקייט ראטעווען זיין קינד אדער פרוי.

איך וואלט געוואלט מאכן א פארשלאג צו דער קאנוועגשן:

צוגויפרעכנענדיק די איינגאמע פון די בא־צאלטע פאציענטן, קומט אפשר אריין פון 8 ביז 10 טויזענט דאלאר א יאר. דאס איז א גאנץ קליינע, אומבאדייטענדע סומע פאר'ן א. ר. ווען דער סאניטאריום דעפארטמענט זאל ווערן אין א. ר. אן אינשורענס פאר דעם מעמבער מיט זיין פאמיליע, וואלט דאס אפשר געקאסט פון 40 ביז 50 סענט א יאר פער מעמבער. איך וואלט פאר־געשלאגן, אז ביי דער קאנוועגשן זאל די פראגע אויפגענומען ווערן און זען צו פארלייכטערן די מעמבערס, וועלכע דארפן האבן פאר זייער פא־מיליע סאניטאריום־הילף.

אויב דער סאניטאריום דעפארטמענט קען ניט דורכפירן אן אלגעמיינע פאמיליע־אינשורענס, דאן וואלט איך רעקאמענדירט פאלגענדעס: א העלפט זאל צאלן דער מעמבער און א העלפט זאלן צאלן אלע מעמבערס אדער אלע ברענטשעס פון די לא־קאלע סומען. קיין מעמבער אדער ברענטש קען ניט וויסן ווענען געקסט עס איז.

א. שולמאן, בר. 349, ראטשעסטער, נ. י.

*) מחמת דער בריף האט פארשפעטיקט, האט ער ניט געקענט זיין געדרוקט צו דער קאנוועגשן.

# טרויער רעזאָלוציעס

מיט געבויגענע קעפּ און שווערן געמיט דריקן מיר, די מיטגלידער פון בר. 615, אויס אונזער טיפסטן מיטגעפיל און באדויערונג צו אונזער די־רעקטאר, פר. ל. זיסעלמאן, אויף זיין גרויסן פארלוסט, דעם טויט פון זיין מוטער.

ה. סעלדין, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 2 א. ר., דריקן אויס אונזער טרויער אויף דעם פריצייטיקן טויט פון אונזער פריינד און גענאסע דר. רודאלף רובין, זייענדיק אן איבערגעבענער פריינד צום א. ר., ווי אויך א טרייער סאציאליסט, פארלירן מיר איינעם פון אונזערע בעסטע מיטארבעטער פון דער ארבעטער־באוועגונג. ערע זיין אנדענקן!

בר. 2 א. ר.; י. אנגאפאל, סעק.

---

מיר דריקן אויס אונזער טיפסטן טרויער אויף דעם פריצייטיקן טויט פון אונזער פריינד היימאן דאנדיש. אונזער טיפסטער מיטגעפיל צו זיין פרוי און קינד.

בר. 200; ס. באראוויק, סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 450, דענווער. קאל., באדויערן פון טיפסטן הארצן און דריקן אויס אונזער סימפאטיע צו אונזערע פריינד מר. און מרס. דאבאף אויף דעם פריצייטיקן טויט פון זייער יונגן זון דר. דאבאף, וועלכער איז אויך געווען אונזער ערשטער ברענטש־דאקטער. מיר ערן זיין אנדענקן, און זאל די צייט היילן זייער גרויסן שמערץ.

וו. גינצבורג, רעק. סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 207, דריקן אויס דעם טיפסטן טרויער און באדויערן אויף דעם פריצייטיקן און אומערווארטעטן טויט פון אונזער טייערן פריינד סאלאמאן דזשאלאסקי. אויך דריקן מיר אויס אונזער פולע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער, און אויך זיין גאנצער משפּחה. ערע זיין אנדענקן.

מאריס מערלין, סעק. בר. 207.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 185, דריקן אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו אונזער פריינד סעם גאלדשטיין אויף דעם פארלוסט פון זיין פרוי, מיימי גאלדשטיין. ערע איר אנדענקן.

פ. לעווין, רעקארדינג סעק.

---

מיר דריקן דא אויס אונזער מיטגעפיל און טרויער מיט אונזער פריינד ל. ברין אויף דעם פריצייטיקן טויט פון זיין יונגער טאכטער. זאל די צייט פארהיילן זיין פארלוסט.

בר. 22, ניו־בריטאן, קאנג.; י. ליכט, סעק.

---

מיר דריקן אויס אונזער טרויער און טיפסטן מיטגעפיל צו אונזער פריינד ל. ברין און פאַמיליע אויף דעם פריצייטיקן טויט פון זייער יונגער טאכטער, נעדע ברין. ערע איר אנדענקן.

בר. 22 א. ר.,

מיר, די מעמבערס פון בר. 22 א. ר., ניו־בריטאן, קאנג., דריקן אויס אונזער טרויער אויף דעם טויט פון אונזער פארשטארבענעם פריינד א. ס. פאגעלסאן, וועלכער איז געווען איינער פון די גרינדער און טעטיקע מעמבערס אין אונזער ברענטש ביז זיין לעצטן טאג. מיר דריקן אויס אונזער מיטגעפיל מיט זיין פאמיליע. ערע זיין אנדענקן.

בר. 22 א. ר.; י. ליכט, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 22 א. ה., דריקן אויס אונזער טיפן טרויער אויף דעם פארלוסט פון איינעם פון אונזערע בעסטע מעמבערס, פר. פאגעלסאן. מיר דריקן אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו דער פאמיליע און פריינד פון פאר־שטארבענעם.

קאמיטע: דז. ראזאף, דז. ליכט און ס. מיללער.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 349, באדויערן דעם פריצייטיקן טויט פון אונזער מעמבער און פריינד, הערי ראבינאוויטץ. מיר דריקן אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו דער אלמנה פון פארשטארבענעם. ערע זיין אנדענקן.

ער. שיף, סעקרעטער.

---

מיר, די מעמבערס פון ראקאוועי בר. 428 א.ר., דריקן אויס אונזער טיפסטן טרויער אויף דעם פריצייטיקן טויט פון אונזער פריינד דזשוליוס גאלדשטיין, געשטארבן דעם 28־טען מערץ, אין עלטער פון 28 יאר.

צו דער זעלבער צייט דריקן מיר אויס אונזער פולע סימפאטיע צו זיין יונגער פרוי און קינדער און אויך צו זיין גאנצער משפּחה.

מאיר סיגעל, רעק. סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 114 א. ר., סאן־פראנציסקא, דריקן אויס אונזער טיפן טרויער אויפ'ן טויט פון אונזער באליבטן און איבערגע־בענעם פריינד און סאציאליסט ל. קאבליס. מיר באדויערן זיין פריצייטיקן טויט. צו דערזעלבער צייט דריקן מיר אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און זיין פאמיליע. ערע זיין אנדענקן.

אב. שניידער, סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 206, פילן מיט און באדויערן דעם פארלוסט פון דעם 14־יאריקן זון פון אונזער פר. פיליפ כענדערס.

א. וואלפסאן, סעק. בר. 206.

---

מיר דריקן אויס אונזער טרויער אויף דעם פריצייטיקן טויט פון ראזע מיללער, די יונגע טאכ־טער פון אונזער פריינד לואיס מיללער, וועלכע איז געשטארבן זונטאג דעם 22־טען מאי. זאל אונ־זער טרויער זיין א טרייסט צו דער פאמיליע.

בר. 97 א. ר.; פלינער, סעק.

---

יעקאטערינאסלאווער בר. 236 א. ר. דריקט אויס זיין טיפסטע סימפאטיע צו פר. פרענק אשינסקי און פרוי אויף זייער גרויסן פארלוסט פון זייער 16־יאריקן זון.

מ. אבראמאוויטש, י. עפשטיין, פרעס קאמ.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 206, באדויערן שטארק דעם טויט פון אונזער מעמבער סעם לעווין, געשטארבן, נאך א לאנגער קראנקהייט, דעם 14טען געשטארבן, נאך א לאנגער קראנקהייט, דעם 14טען מאי 1921. ערע זיין אנדענקען.

א. וואלפסאן, סעק. בר. 206.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 285 א. ר., באַ־דויערן דעם פריצייטיקן טויט פון אונזער מעמבער און פריינד דזשזעף קאהען, געשטארבן מאנטאג דעם 11־טן אפריל 1921. מיר דריקן אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער. ערע זיין אנדענקן.

סמאנאגער בר. 285 א. ר.; מ. מ. שונערמאן, סעק.

---

איך בעט קארעגירן דעם נאמען פון מיין פאר־שטארבענער פרוי, וועמעס נאמען האט געדארפט זיין מ ע ר י ג ל י י נ מ א ן, מעמבער פון בר. 38, און ניט מערי גערשטמאן, ווי עס שטייט אין מאי נומער.

אייב גליינמאן.

---

# בריף אין רעדאקציע

## א יאר עקזיסטענץ פון דער סט. פאול סיטי קאמיטע א. ר.

פון א ל י ־ ע ז ר

עס איז זעהר גיט שיין זיך אליין צו לויבן, אבער עס איז נייטיק אפצוגעבן דין וחשבון צו די א. ר. ברענטשעס און מיטגלידער, וועלכע האבן אם די ארגאניזאציע צום לעבן געבראכט. איך וויל דא איבערגעבן טרוקענע פאקטן וועגן דער ארבעט, וואס די סיטי קאמיטע האט געטאן. באַ־פוצונג וועל איך איבערלאזן פאר אנדערע, אויב זיי וועלן עס וועלן אמאל טאן.

1. ארגאניזאציאנס־ארבעט

די סיטי קאמיטע האט ארויסגעלאזן ספּעציע־לע ליפלעטס מכח אריינגעמען נייע מעמבערס, און אויך אפּעלירט צו די ברענטש־מיטגלידער צו העלפן אין דער אונטערנעמונג, און א געוויסע צאל נייע מיטגלידער זיינען אריינגענומען געווארן. וואלט ניט געווען אזא גרויסער אינדוסטריעלער קריזיס, וואלט דער רעזולטאט געווען א פיל בע־סערער.

2. רעליף

ווען אונזער פריינד אב. עפשטיין פון ניו יארק איז דא געווען אין די אינטערעסן פון דער פיפּלס רעליף, האט די סיטי קאמיטע גערופן א ־דזשאינט מיטינג, וואו עפשטיין האט גערעדט און אפּעלירט פאר דעם א. ר. רעליף, און די סומע פון $162.00, אין קעש און פלעדזשעס, איז געזאמלט געווארן, אחוץ וואס די ליידיס אקזילערי פון א.ר. האט געמאכט א טעאטער־פארשטעלונג, וועלכע האט אריינגעבראכט בערך 90 דאלאר.

3. פענסיל פאנד

די סיטי קאמיטע האט געהאלפן דעם „פאר־ווערטס" פענסיל פאנד מיט א סומע פון $45.10.

4. א. ר. האספּיטאל פאר רוסלאנד.

די סיטי קאמיטע האט ארויסגעלאזט סובּ־סקריפּשן ליסטן פאר דעם צוועק, און די סומע פון 120 דאלאר איז שוין געשאפן געווארן. די זאמלונג גייט נאך אן.

5. עדיוקיישאנאל ארבעט

ווען דער א. ר. האט ארויסגעשיקט אונזער באַ־ליבטן געג. ראטמאן פאר א טור, האט די סיטי קאמיטע אים אנגאזשירט. זיין לעקטשור איז גע־ווען גוט באזוכט, בערך 200 פערזאן (א גרויסע זעלטנהייט אין סט. פאול). ער האט איבערגע־לאזט זעהר א גוטן איינדרוק אויף די צוהערער. ספּעציעל איז גוט געווען דער אפּיל פארן א. ר. דאס איז דאס ערשטע מאל וואו א לעקטשורער זאל ניט פארגעסן צו דערמאנען פון וועלכער אר־גאניזאציע ער איז געשיקט געווארן און אפּעלירן פאר איר.

די סיטי קאמיטע האט אויך ארראנזשירט עדיו־קיישאנאל מיטינגען אלע 3 וואכן, מיט איינליי־טונגען און דיסקוסיעס פון הינע א. ר. טוער אויף פארשידענע טעמעס. די מיטינגען זייען זעהר גוט באזוכט געווארן, און וויפיל א. ר. מיטגלידער זיינען דורך די דאזיקע מיטינגען געווארן באקאנט מיט פיל פראגן, וואס האבן א לעבענס־אינטערעס פאר יעדן ראדיקאלן מענשן.

6. א. ר. קינדער־שולע

אונזער שולע איז אן אויסנאם פון אנדערע א. ר. שולן. ערשטנס האט די שולע איין לערער, און נאר פאר 3 טעג א וואך. און אויך האט זי ווייניק קינדער. די אורזאך ווארום זי האט נאר א לערער פאר 3 טעג איז, חייל עס איז דא ווייניק קינדער, און פארוואס עס איז דא ווייניק קינדער, איז אביסל שולדיק די געאגראפי־שע לאגע פון אונזער שטאט, וואו די אידישע באפעלקערונג וואוינט צעזיים און צעשפּריים. און צווייטנס, די אפּגעלאזנקיים פון די א. ר. מעמ־בערס זעלבסט. א טייל צו פאנאטיש, זואס ווילן צו בר־מצוה א דרשה, און קדיש זאגן. א צווייטער טייל צו ראדיקאל, וועלכע זעען אין אידיש ניט גענוג אינטערנאציאנאליזם. און א דריטער טייל פשוט, געלט. עס קאסט דאך שכר־לימוד. אין אנ־פאנגס, ווען די שולע איז געגרינדעט געווארן, איז די פינאנציעלע לאגע פון דער שולע געווען א גוטע. האט די סיטי קאמיטע ניט געוואלט זיך מישן אין אירע אנגעלעגנהייטן. נאך וואס זיך שטופן, ווען אלץ איז גוט? אבער לעצטנס איז די פינאנציעלע לאגע אויך קרימיש געווארן און די סיטי קאמיטע האט פארופן א מיטינג פון די א. ר. מעמבערס, צו זען ווי אזוי אויפצוהאלטן די דאזיקע שולע. אבער דער מיטינג האט קיין רעזולטאטן ניט געבראכט (זוי אזוי? אז עס פעלט באגייסטערונג.) אבער עס איז פארר.פן געווארן נאך עטלאכע מיטינגען, און די זאך וועט זיך ווי עס איז אויספרעסן.

די סיטי קאמיטע האט ניט דורכגעלאזן קיין איינציגע ארבעט פון א. ר., וואס זי זאל ניט דירעקט מיטהעלפן אום צו מאכן יעדע אונטער־נעמונג פאר אן ערפאלג.

איך וויל דא זאגן נאך עטלאכע ווערטער: עס דארפן באגד פארקומען אין די ברענטשעס וואלן פאר דעלעגאטן צו דער סיטי קאמיטע און עס איז דער חוב אז די ברענטשעס זאלן ערוויילן די אי־בערגעבנסטע און טעטיקסטע מיטגלידער צו דער ארגאניזאציע.

---

ווערטער רעדאקטער, פר. י. ב. ביילין:

איך וואלט אייך וועלן בעטן, איר זאלט מיר געבן א שטיקל פלאץ אין קומענדיקן נומער „פריינד" פאר דעם פאלגענדן אנאנסמענט:

ביי אונזערן א מיטינג, דעם 12־טען מאי, פון בר. 493, איז באשלאסן געווארן, אז מיר זאלן צומאכן די טרעזשורי אויף 6 מאנאטן, אנפאנגענ־דיק פון דזשון ביז נאוועמבער 1921. די אורזאך פון דעם איז, ערשטנס, ווייל פילע פון אונזערע מעמבערס קומען נים נאך זייערע באשעפטיגונגען און דער ברענטש איז געצוואונגען זיי אויסצו־האלטן. און צווייטנס, איז פשוט, ניט אויסגע־רעדט זאל זיין, אונזער טרעזשורי ליידיק. דא־רום אפּעלירן מיר צו די ברענטשעס פון א. ר., ווי אויך צו פארשידענע ארגאניזאציעס, אז זיי זאלן שפארן די פאסטיידזש, ווייל אונזער ברענטש איז יעצט ניט אימשטאנד זיי צו שטיצן.

איך דאנק אייך אין פארויס.

ב. קיפערמאן, פין. סעק. בר. 493 א. ר.

## די ערפענונג פון דער א. ר. היים אין האמילטאן

גאנץ אפט קומט מיר אוים צו הערן, אז דער א. ר. איז ניט מער ווי א „בענעפיט סאסייעטי“. און אנדערע פרעגן אייך נאך, וואס איז דער אונטערשיד פון דעם א. ר. ביז די אנדערע סאסייעטיס? אט די יעניגע האבן באדארפט זיין מיט אונז אין האמילטאן, א קליין שטעטל אין קענעדע, וואו עס געפינען זיך אז א. ר. ברענטש מיט ניט מער ווי א פופציג מיטגלידער און זיי האט זיך פארוואלט בלויז א קלייניקייט, ניט מער ווי איינשאפן זיך אן א. ר. היים, און וועלכער האט געפייערט די ערפענונג פון דער דאזיקער היים, און איך בין זיכער אז די יעניגע, וואס האבן אימער עפעס אויסצוזעצן, וואלטן מיט אנדערע אויגן געקוקט אויף דעם א. ר. ווארים דער דאזיקער ברענטש איז ניט דער איינציקער, נאר איינער פון עטלאכע הונדערט, וואס טראגט ביי זיין חלק צו דער גראנדיעזער ארבעט אונטער די פליגלען פון אט דער מעכטיקער ארגאניזאציע, דעם א. ר.

אין קורצן וואלט דאס געהייסן, אז דער האמילטאנער בר. 384 האט געקויפט א הויז, אז א. ר. לייסעאום פאר דעם ברענטש צו פארזאמלען זיך און אויך א פלאץ פאר דער א. ר. שולע און האט זונטאג דעם 29־טען מאי 1921 געפייערט דעם חנוכת הבית, ביי וועלכער עס זיינען אנוועזענד געווען דער גענעראל־סעקרעטער, פריינד באסקין, פון ניו־יארק, און פארשטייער פון דער טאראנטא א. ר. סיטי קאמיטע, די פריינדע א. ריבא, נאציאנאלער דירעקטאר, ה. סטיין, פון דער סיטי דיסטריקט קאמיטע, דער קינדער־כאר פון דער טאראנטא א. ר. פרץ־שולע אונטער דער אויפזיכט פון די פריינדע עפשטיין, סאליחיי, ביילער, סעק. פון דער שול, דער געזאנגס־לערער, פר. רינגעלהאף, און פיל א. ר. מעמבערס פון טאראנטא אלס געסט.

אבער, ווי געזאגט, דאס וואלט געווען א טרוקענער באריכט. און האבנדיק דעם כבוד צו זיין איינער פון 3 בעלי־שמחות, קאן איך זאגן מיט שטאלץ און פרייד, אז פאר דער צייט וואס איך בין טעטיק אין דעם פאר מיר באליבטן א. ר., האב איך געהאט פיל הערלאכע מאמענטן, איז אבער אט דער טאג פאר מיר געווען איינער פון די הערלאכסטע און שענסטע און איך בין זיכער, אז די אנדערע פריינד מיינע, פר. באסקין ארייננערעכנט, פילן אויך דאס זעלבע. און עס ווילט זיך מיר טיילן מיט אלע א. ר. מיטגלידער און פריינד איינינע איינדרוקן, אויף וויפיל עס וועט מיר מעגלאך זיין, איינדרוקן, וואס האבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון און איינגעפרעסט אין הארצן, מאמענטן פון פרייד און באגייסטערונג.

דאס ערשטע: די עקספעדיציע. עס פארן פון טאראנטא 2 טראקס מיט קינדערלאך און קאמיטעט אכטונג צו געבן אויף זיי. אין איין אויטאמאביל פארן פריינד באסקין, גענ. סעק., און 3 פארשטייער פון דער סיטי קאמיטע; אין צוויי אנדערע אויטאמאבילס — מיטגלידער פון פארשידענע א. ר. ברענטשעס פון טאראנטא. עס פילט זיך יום־טוב'דיק. די קינדערלאך זינגען און פאכן מיט די הענטלאך צו יעדן פארבייגייער און דורכפארער; זיי באגעגענען יעדן איינציקן מיט אן אויסגעשריי פון קינדערשער פרייד, און מען ענטפערט זיי אפ מיט הארציקן שמייכלען און באגריסונגען. דער טאג איז זעהר א שיינער און אלץ זינגט מיט. אין האלב־וועגס ווערט מען אויפגענומען פון א קאמיטע פון האמילטאנער בר., וועלכער איז אונז געפארן אנטקעגן, אלע צוזאמען קומען מיר צו דעם האמילטאנער א. ר. לייסעאום, וואו די פייערונג דארף שטאטפינדן. דער האל איז ניט קיין גרויסער, צו קליין אביסל געווען פאר אזוי פיל געסט, אבער מען האט שוין געפונען פלאץ, מען איז געזעסן און געשטאנען איבעראל, ניט געאכט אויף דער היץ וואס ס'איז געוועזן. דער קאנצערט האט זיך אנגעהויבן. און נאכדעם ווי פר. ביילינסאן, טשערמאן פון בר., האט געזאגט עטלאכע ווערטער, אנצייגענדיק אויף די פיל מי און ארבעט, וואס עס האט זיך געפאדערט, און שוועריגקייטן, וואס זיי האבן געהאט דורכצופירן אזא אונטערנעמונג, גיט ער קרעדיט די יעניגע, וועמען עס קומט קרעדיט, גראטולירט אלעמען, אפעלירנדיק און אויסדריקנדיק האפנונג, אז די מיטגלידער פון זיין בר. וועלן האלטן הויך די פאן פון א. ר., זייענדיק א רינגעלע פון אט דעם גרויסן ארדן. מיס לאה זאק, שילערין פון דער האמילטאנער א. ר. שול, באגריסט פר. באסקין, גענ. סעק., און די געסט פון דער טאראנטא סיטי קאמיטע און פריינד. דער קינדער־כאר פון דער א. ר. פרץ־שול זינגט איינינע לידער און רופט ארוים א שטורם פון אפלאדיסמענטן. נאכדעם ווערט פארגעשטעלט פר. באסקין, וועלכער ווערט אויפגענומען מיט פרייד. ער האלט א קורצע אבער הארציקע, אינהאלטסרייכע רעדע, ווינשנדיק ערפאלג, „אז די נייע היים זאל פארוואנדלט ווערן אין א טעמפל פון ליכט און פראגרעס.“ דאס זיינען געווען ווערטער, וואס האבן געדרונגען טיף אין הארצן און האבן ארויסגערופן טרערן פון פרייד. מען גייט איבער צו ביזנעס: פארקויפן „עליות“.

דאס ערשטע איז געווען צו פארקויפן דעם שליסל: האבן דעם כבוד צו זיין דער ערשטער אויפצושליסן די טיר. און פר. ביילינסאן מיט דער הילף פון פר. דיומאס זיינען געווען גוטע אקשענירס, קריגענדיק 2 הונדערט מיט 10 דאלאר פון איינינע מיטגלידער מיט פר. גערשאוויטש אן דער שפיץ. נאכער ווערט איבערגעגעבן צו פר. דיומאס די ארבעט צו פארקויפן קארל מארקס א בילד, וואס איז בייגעשטייערט געווארן פון א מיטגליד צו דער ערפענונג. דאס בילד ווערט פארקויפט פאר 77 דאלאר, ניט חלילה אויף צו נעמען דאס אהיים, נאר פשוט אויפצוהענגען דאס בילד אויפ'ן וואנט. עס זיינען געפלויגן „בידס“ איינער גרעסער פונ'ם אנדערן. די מצוה א קוועטש צו טאן דאס קנעפל, אז עס זאל ווערן ליכטיק, ווערט פארקויפט צו אן אלטער רעליגיעזער פרוי, דעם טשערמאנס א באבע, און פאר גרויס התפעלות האט זי מיט אלעמען „געשייקט הענדס“ צואווינשנדיק אז עס זאל זיין מיט גליק. דער נאמען פון דער זקנה איז גאלדע גערשאוויטש. און מיט אונזער גענ. סעק. האט זי זיך שיעור ניט צוקושט.

און אזוי ארום איז געשאפן געווארן נאענט פון פינף הונדערט דאלאר. מיר איז אויסגעקומען מיט איינינע מאנאטן צוריק אנוועזנד צו זיין ביי א באנקעט פון דעם זעלבן ברענטש, וואו זיי האבן געפייערט די לעגאליזירונג פון דעם א. ר. אין קענעדע און זייער טשארטער־פעסט איז דאן געווען פארטראטן פון דער טאראנטא סיטי קאמיטע. ביי יענעם באנקעט איז געלייגט געווארן דער גרונדשטיין פאר דעם בנין, וואו ארבעטער, וואס מאנכע פון זיי האבן געסטרייקט, אדער אזוי געווען אויסער ארבעט, האבן געלייגט, אדער פארפליכטעט זיך צו געבן צו 25 אדער 50 דאלאר פאר דער אונטערנעמונג. און צוקוקענדיק יעצט ווי כמעט די זעלבע פערזאנען האבן געשאפן 5 הונדערט דאלאר ביי דעם חנוכת־הבית, איז מיין הארץ אנגעפילט געווארן מיט שטאלץ און באוואונדערונג. נאר מענשן, וועלכע זיינען באגייסטערט פאר א גרויסן אידעאל, קענען אזוי אפערוויליק זיין. יא, איך וועל קיינמאל ניט פארגעסן דאס בילד, ווען אלע זיינען ארויסגעגאנגען פון האל, צו מאכן די אפיציעלע אויפשליסונג. דער טשערמאן, שטייענדיק מיט דער גאנצער פארזאמלונג פאר'ן הויז, זאגט עטלאכע וואריעמע ווערטער און גיט איבער דעם שליסל צו פר. גערשאוויטש, וועלכער שליסט אויף די טיר, און מען גייט אריין צוריק אונטער די טענער פון דער „שבועה“, געזונגען פון די קינדערלאך פון דער האמילטאנער א. ר. שול און אונטערגעכאפט פון אלע אנוועזנדע. א הייליקייט האט געשוועבט אין דער לופט. דאס זיינען געווען מאמענטן, וואס גיבן מוט צו ארבעטן פאר א שענערער און בעסערער וועלט און גיט האפענונג, אז עס וועט דאך קומען א צייט פון א שענערער וועלט און א בעסערער מענשהייט.

און צולעצט קומט דער באנקעט, אויף וועלכן עס האבן פארבראכט פילע פון דעם האמילטאנער ברענטש, מיט פר. באסקינען און די פארשטייער פון דער טאראנא סיטי קאמיטע, יא, עס איז געווען א שיינער, הערלאכער יום־טוב דער דאזיקער טאג. אזעלכע טעג גיבן צו מוט צו ארבעטן.

איך וויל נאר צוגעבן, אז די שמחה האט זעהר פיל געוואונען צוליב פר. באסקינס אנוועזנהייט.

חיים סטיין,
סעק. פון דער טאראנטא סיטי און דיסט. קאמ.

## באריכט פון בר. 250, פיטסבורג

אז אונזער ברענטש פארגעסט ניט אן די טעטיקע מיטגלידער, האט באוויזן אונזער מיטינג, ווען מען האט זיך ארומגעזען, אז מען האט נאך מיר גאר ניט אפגעדאנקט אונזערע טעטיקע אפיסערס פון לעצטן יאר, און אזוי ווי עס איז בעסער שפעטער איידער קיינמאל, איז באשלאסן געווארן נאך פיל רעקאמענדיישנס, אז די בעסטע זאך ווי אזוי אויסצודריקן אונזערע געפילן פאר דער גוטער ארבעט פון די אויבען־דערמאנטע וועט זיין דאס צו פארעפנטלאכן אין „פריינד“, כדי ניט נאר א טייל פון די מעמבערס, וואס קומען צו די מיטינגען זאלן דאס וויסן, נאר אויך די, וואס האבן קיין צייט ניט צו קומען, און זאלן זיי וויסן ווער עס טוט פאר זיי די נוצלאכע ארבעט אין דער צייט, וואס זיי זיצן אין דער היים.

מיט זייער גוטער איבערגעבענער ארבעט האבן זיך אויסגעצייכנט דער פינאנס סעקרעטער, פר. ס. מעקסי, רעקארדינג סעק., פר. מ. לינדער, האספיטאלער, פר. י. גערשון, טרעזשורער, פר. י. אבראמאוויטש, בארד און קענדידייטס, פר. ק. לאזארום און פר. א. פארעסטער.

און מיר ווילן האפן, אז כאטש א טייל פון זיי טראגן שוין ניט אויף זיך די פארפליכטונגען וואס פריער, דאך וועלן זיי ניט מיד ווערן ווייטער צו ארבעטן פאר'ן וואויל פון אונזער ברענטש און זען אז אונזער ארבייטער רינג זאל ווערן וואס שטארקער און וואס גרעסער, אז קיינער זאל אים ניט קענען צעברעכן.

---

עס איז באשלאסן געווארן אויסצודריקן דורכ'ן „פריינד“ אונזער טרויער אויפ'ן פריצייטיקן טויט פון אונזערן א מיטגליד, פריינד שיגריי.

יר. מ. רעזניק, ס. רובין, פרעס קאמיטע.

---

ווערטער פר. רעדאקטער:

זייט אזוי פריינדלאך און געפינט א שטיקל פלאץ אין „פריינד“ פאר די פאלגענדע עטלאכע שורות.

זעהר פיל ברענטשעס ליידן פון קנאפ־באזוכטע מיטינגען. מען זוכט די אורזאך, פארוואס דאס איז, און באבסקע מיטלען ווערן אנגעגעבן אלס א זיכערע רפואה. איר אליין, פר. רעדאקטער, גיט אין „פריינד“ „טאפיקס“ צו דיסקוטירן ביי די מיטינגען וועגן פארשידענע וועלטלאכע פאסירונגען, וואס קומען פאר יעצט: צ. ב. דריטער אינטערנאציאנאל, באלשעוויזם, א. אז. וו., און אייער מיין דערביי איז, אויפצולעבן די מיטינגען, אז זיי זאלן ווערן בעסער באזוכט.

איך פערזענלאך גלויב ניט, אז פיל ברענטשעס האבן דיסקוטירט און דעבאטירט אט די פראגן און זיינען דורכדעם געווען גוט־באזוכטע מיטינגען, ווייל ניין פון יעדע צען ארבעטער זיינען ניט קאמפעטענט גענוג צו דיסקוטירן די פראגן. פון וואנען זאלן זיי דאס וויסן, פון אונזער פרעסע?

אלס פינאנץ־סעקרעטער פון מיין ברענטש בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז א גרויסער טייל — אויב ניט אין גאנצן — ווערן די מיטינגען קנאפ באזוכט צוליב די פילע צושריפטן פון ברענטשעס און אנדערע ארגאניזאציעס, וועלכע ווייסן בלויז איין שפראך — ג י ט. עס פאלט איינפאך א לאסט אויף די מעמבערס, וועלכע קומען רעגולאר צו די מיטינגען, און ביסלאכווייז הערן זיי אויף צו קומען צו די מיטינגען און אזוי ווערט אפגעשטארבן די לעבונג פון ברענטשעס.

איך באמערק לעצטנס אין כמעט אלע צושריפטן: העלפט אונזערן א מעמבער פון א פרוי מיט 4 קינדער. אן אנדער צושריפט: העלפט א טאטן מיט 6 קינדער, א. אז. וו. און מעמבערס גיבן, ווייל זיי קענען איינפאך ניט אנטזאגן. איך ווייס פון פיל פאלן, וואו מעמבערס האבן בייגעשטייערט אין א צייט, ווען זיי אליין זיינען געווען ארבעטסלאז און האבן זיך גענייטיקט אין יעדן סענט, און האבן געגעבן בלויז, ווייל אנדערע האבן געגעבן און האבן זיך געשעמט ניט צו געבן. צום נעקסטן מיטינג זיינען זיי שוין ניט געקומען.

אין קורצן: אט דער איבל מוז אויף וויפיל עס איז אויסגעבעסערט ווערן. איך נעם זיך ניט אונטער צו געבן דעם ריכטיקן מיטל צו דעם, אבער איך גלויב, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע מוז עפעס טאן אין דעם, אז יעדער ברענטש זאל ניט גלייך ארויסשיקן הארץ־יאמערדיקע צושריפטן צו די ברענטשעס, בלויז וויסנדיק, אז א גרויסער טייל ברענטשעס וועלן ניט קענען אנטזאגן און צושיקן וויפיל עס איז.

איך גלויב, אז איידער א ברענטש שיקט ארויס א צושריפט פאר שטיצע, וואלט עס דורכגיין א קאמיטע פון אלע ברענטשעס פון באטרעפנדן ארט, און אויף אזא אופן וואלטן פיל צושריפטן פארשפארט געווארן געשיקט צו ווערן.

איך האף צו זען דעם דאזיקן איבל אויסגעבעסערט.

דזש. מאגיל, פינ. סעק. בר. 637.

---

ווערטער פר. רעדאקטער ביילין!

ענדלאך האב איך געפונען אין „פריינד“ א פראגע פון פר. רובין, פון פיטסבורג, וואס איך האב שוין לאנג געזוכט, אום צו האבן א געלעגנהייט אויסצודריקן מיין מיינונג. ער פרעגט, וואס איז די אורזאך, וואס די אלטע אקטיווע מעמבערס האבן פארלארן זייער ענטוזיאזם צום א. ר. און מען הערט ניט פון זיי, נאר פון איין ערב שטרייך אווענט ביז צום צווייטן? זייענדיק א מעמבער פון א. ר. פאר די לעצטע 14 יאר, און אויך א פריערדיקער אקטיווער מעמבער און א געוועזענער סעקרעטער, וועל איך טרייען, מיט דער ערלויבניש פון רעדאקטער פון „פריינד“, צו געבן מיין מיינונג, פארוואס עס איז אן אלטער כלל, אז אין א ראדיקאלער ארגאניזאציע וועט א מעמבער קריגן אלץ ווייניקער קרעדיט פאר זיין ארבעט, וואס אקטיווער ער וועט זיין. יעדער איינער וויל, אז זיין ארבעט זאל אנערקענט ווערן. אין די מייסטע ברענטשעס איז דאס אבער ניט פאראן. איז איינער אן אקטיווער מעמבער, אבער ניט קיין באאמטער, און נעמט אנטייל אין די אינטערעסן פון א. ר., וועלן די ניט־אקטיווע מעמבערס, וואס קומען גאנץ ווייניק צו די מיטינגען, אים האלטן פאר א פאליטישן, און וואס ער וועט זאגן טאג, וועלן זיי זאגן נאכט. איז איינער א סעקרעטער און קריגט א קלאגעדיקע סאלארי (ווי געוויינלאך, קריגן דאך די סעקרעטערע די קלענסטע סאלארים וואס ס'קען זיין) וועט יעדער איינער מעמבער פון ברענטש אים באלד אויפווארפן: דו ביסט א באצאלטער באאמטער. איז גאנץ פארשטענדלאך, וואס עס נעמט אפ דעם חשק צו זיין אקטיוו.

ו. קונסטלער.

---

ווערטער פר. רעדאקטער י. ב. ביילין:

מיר בעטן אייך אפצודרוקן פאלגענדע רעזאלוציע אין „פריינד“.

בר. 395 וועט נישט שטיצן קיין שום ברענטש, אויב די אפילס פאר שטיצע אדער צושריפטן וועלן אנקומען אן א זיגל אדער סטעמפ פון ברענטש. אלע אפילס מוזן האבן דעם זיגל פון זייער בר.

בר. 895 פון ראוד איילאנד.
סעם מאסקאוויטץ, סעק.

# WORKMEN'S CIRCLE

## VALUATION EXHIBIT

## December 31, 1920.

### ASSETS

| | |
|---|---|
| Present Mid-Year Value of Future Net Contributions | Net Method |
| Admitted Assets, less all Funds, excepting Mort., Reserve and Disability | $1,302,824.35 |
| Total Assets, available for Death and Disabiity Claims | $1,302,824.35 |
| Amount of General or Expense Fund | 373.25 |
| Amount of "Non-Admitted" Assets | 153,695.67 |
| Negative Values Excluded | 9,373.00 |

### LIABILITIES

#### Actual and Contingent

| | |
|---|---|
| Persent Mid-Year Value: Required Reserve Mortuary | $1,042,066.00 |
| Accrued Liabilities, less those chargeable to Funds not available for claims | 59,874.85 |
| Net Disability Funds, excluding non-admitted items of assets | 139,461.67 |
| Total Accrued and Contingent Liabilities | $1,241,402.52 |
| Accrued Claims on General or Expense Fund | None |
| Assets to Liabilities | 105.01% |
| Actual to required Mortuary Reserve | 105.91% |

The above Valuation indicates that, on the basis of the National Fraternal Congress table of mortality with interest at 4 per cent., the future assessments of the Society, at the net rates now being collected, together with the now invested assets, are sufficient to meet all certificates as they mature by their terms, with a margin of safety of $62,-151.31 (or 5.01%) over and above statutory standards.

I HEREBY CERTIFY that the above Valuation Exhibit, setting forth the condition of the WORKMEN'S CIRCLE of New York City, as of December 31, 1920, has been prepaared by myself in accordance with the requirements of statute, and that the same is correct and true to the best of my information, knowledge and belief.

Boston, April 8, 1921. GEO. DYRE ELDRIDGE, Actuary

# FRIEND

# פריינד

## אפיציעלער ארגאן פון ארבייטער רינג




### אינהאלט:



AUGUST, 1921

THE FRIEND
OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

אויגוסט, 1921

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

L. ARKIN, Secretary National Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# THE FRIEND



# דער פריינד

Vol. XII. AUGUST, 1921 No. 8


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**די שטימע פון פאָלק**

נישט שטענדיק איז די שטימע פון פאָלק די שטימע פון גאָט. יעדנפאַלס איז אזוי נישט דער פאַל בנוגע צום רעפערענדום, וואָס מיר האָבן ערשט איצט אָפּגעשטימט. עס זיינען פאַראַן צייטן, ווען די שטימע פון גערעכטיקייט ווערט פאַרהילכט פון דעם קול פון שפּאָרזאַמקייט און מאַטעריעלער נויט. די סימנים פון דער איצטיקער געדריקטער שטימונג אויפ'ן עקאָנאָמישן פעלד האָבן זיך אין אַלע זייערע גראָע פאַרבן אָפּגעשפּיגלט אויף אונזער רעפערענדום. מ'האָט געשטימט געגן דער העכערונג אין דעם פאַרוואַלטונגס־פאָנד, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער טראָגט אויף זיך אַ משא פון אַ שווערן דעפיציט. מ'האָט געשטימט געגן דער העכערונג אין דעם אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער ליידט אויך פון דעפיציטן. מ'האָט אויך דורכגעוואָרפן די צייטווייליקע העכערונג אין דעם בילדונגס־פאָנד, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט אַ דעפיציט פון איבער $3,000, און עס וועט כמעט נישט מעגלאַך זיין אָנצופירן דאָס ביסעלע אויפקלערונגס־טעטיקייט, וואָס איז געטאָן געוואָרן ביז אַהער.

די זעלבע סימנים האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אויף די פאַרשידענע בייטראָגן, וואָס אונזער באַסטאָנער קאָנווענשן האָט באַשטימט פאַר די אינסטיטוציעס, וואָס זי האָט געפונען פאַר נייטיק צו שטיצן, הגם נישט אין אַזאַ אַש־גראָער פאַרב. אַלע שטיצעס זיינען דורכגעגאַנגען מיט גאַנץ קליינע מאַיאָריטעטן, אַ זאַך, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון אונזער אָרדן. אמת, דאָ האָבן אויך געשפּילט אַ ראָלע אַנדערע מאָטיוון. דער צושריפט פון דעם טרויעריק געוואָרענעם ברענטש 620 האָט אַ היבשן חלק אין דעם. די צעשפּליטערונג פון די סאָציאַליסטישע כחות און די דעמאָראַליזאַציע, וואָס איז פון דעם אַרויסגעקומען, האָבן געהאַט זייער ווירקונג. דער הינטערגרונד, אָבער, פון דעם אַלעם איז די שלעכטע צייט, די אַרבעטסלאָזיקייט, דער יקרות, דער נידעריקער לוין און די נישט זייער פריילאַכע פּערספּעקטיוון אין דער נאָענטער צוקונפט.

ווען מיר דערמאָנען זיך אויך, אַז דאָס איז דאָס לעצטע יאָר, אין וועלכן די העכערע פּראָצענטואַל רייטס גייען אַריין אין פולער קראַפט, אַז די בילס זיינען ווירקלאַך היבש געוואַקסן און אַז דער עולם האָט געפילט אינסטינקטיוו, אַז ער מוז מיט עפּעס רעאַגירן אויף דעם, ווערט אין גאַנצן פאַרענטפערט די האַרבע קשיא.

די פאַרענטפערונג, אָבער, איז נאָך אונזער מיינונג נאָך נישט קיין פולע באַרעכטיגונג. די דעלעגאַטן צו דער באַסטאָנער קאָנווענשן זיינען אַליין אויך מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג. אויף זיי רופן זיך אויך אָפּ די שלעכטע צייטן, די העכערע בילס, און די אַלע זיבן זאַכן. פונדעסטוועגן האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז די מיטגלידער מוזן געבן די פולע מעגלאַכקייט דער אַדמיניסטראַציע פון אַ. ר., אַז זי זאָל קענען אָנגיין מיט איר פון טאָג צו טאָג פאַרגרעסערטער אַרבעט. זיי האָבן באַגריפן, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט פון אָרדן טאָר אויף קיין פאַל ניט איינגעשרומפּן ווערן, נאָר פאַרקערט, צוליב די נייע אָפּעראַציאָנס־פעלדער, מוז זי פאַרברייטערט און פאַרטיפט ווערן. זיי האָבן געפילט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט בלייבן מיט געבונדענע הענט און פיס, ווען איר וועט זיך כסדר נאָכבאָמבלען דער כראָנישער דעפיציט, וואָס קלייבט זיך שוין אַזוי פיל יאָרן. די דעלעגאַטן האָבן דאָס אַלץ פאַרשטאַנען און מיט זייערע באַשטימונגען האָבן זיי גערופן די ברייטע מיטגלידערשאַפט פון אַרבעטער־רינג צו אָנשטרענגונג און צו דער דערפילונג פון זייערע פליכטן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט אָננעמען אַלע געזעצלאַכע מיטלען, אַז די נייטיקע אַרבעטן זאָלן נישט אָפּגעשטעלט ווערן. זי האָט דאָס רעכט פון צייטווייליקע אַסעסמענטס און זי וועט זיך וואַרשיינלאַך מיט זיי מוזן באַנוצן. די מיטגלידערשאַפט, אָבער, האָט דאָס מאָל נישט דערוויזן אויפצוהייבן זיך העכער איבער אירע מאַטעריעלע האָריזאָנטן. זי האָט אין דעם זינען פיל דערוואַרטונגען אַנטוישט.

עס איז אָבער דאָ אין דער רעפערענדום־אָפּשטימונג איין מערקווירדיגער שטריך, וואָס מוז ציען אונזער ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. די איינציקע פעני, וואָס די מיטגלידערשאַפט האָט באַוויליקט צו פאַרגרעסערן אין דעם שול־אַסעסמענט, איז מער ווערט ווי אַן איינציקע פעני. זי האָט אַ גרעסערע באַטייטונג פאַר די טוער אויף דעם געביט ווי די פעני אַליין. עס איז געוועזן לייכט צו דערוואַרטן, אַז אויף דעם שלאַכטפעלד, וואו עס זיינען געבליבן ליגן דער'הרג'עט און פאַרוואונדעט די פאַרגרעסערונגען אין דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד, עדיוקיישאָנאַל פאָנד און פאַרוואַלטונגס פאָנד, זאָלן זיך געפינען צווישן זיי אין נישט קיין בעסערער לאַגע אויך די פאַרגרעסערונג אין שול־פאָנד. פאַרקערט: עס איז גיכער געוועזן צו דערוואַרטן, אַז דער פאָנד זאָל קריגן דעם שטאַרקסטן קלאַפּ. אונזער אָפּיציעלע פּרעסע האָט דאָך פאַר עטלאַכע וואָכן כסדר אָנגעהאַלטן אַ קרעפטיקע באָמבאַרדירונג געגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונזער שול־וועזן. פיל שול־טוער אויף די ערטער זיינען צעטומלט געוואָרן. די פּאַסיווע געגנער פון די שולן זיינען געוואָרן אַקטיווער אין זייער געגנערשאַפט. די גלייכגילטיקע צו דעם גאַנצן ענין האָבן אָנגעהויבן צו קוקן מיט פאַרדעכטיקע אויגן אויף דער גאַנצער אַרבעט. און דאָך — די אַרבעטער־רינג שול־אינסטיטוציע האָט דערוויזן, אַז זי האָט גענוג אינערלאַכע כחות אויסצוהאַלטן גאַנץ באַדייטנדע אַטאַקעס; אַז זי האָט נאָך אין זיך די שפּרודלענדיקע קראַפט פון פרישע, פאַרזייטע זאָמען, און אַז זי האָט פיל, פיל מער פריינט אין אונזער ברייטער מיטגלידערשאַפט, ווי זאָגאַר פיל אַקטיווע טוער האָבן זיך נעקענט פאָרשטעלן.

זאָל דאָס דינען אַלס אַ דערמוטיגונג, אַלס אַ סטימול און אַלס אַ טרייסט צו אַלע די אומערמידלאַכע, זיך זעלבסט־אויפאָפּפערנדע טוער אויף דעם געביט. אייער אַרבעט, ליבע פריינט, איז אָנערקענט געוואָרן אַלס אַ נוצלאַכע און זייער נייטיקע. אַפילו אין אַזאַ שלעכטער צייט, ווען דער אום'ברחמנות'דיקער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ מאַכט פיל פון אונזערע מיטגלידער צו האַנדלען קליינלאַך און קמצנות'דיק, האָט אָבער אייער אַרבעט אין זיך דעם גוואַלדיקן שוואונג אויפצוהייבן זיך העכער איבער אַלע קליינינקע חשבונות און אויסגע'חשבונ'טע קלייניקייטן.

זאָל דאָס דינען אַלס אַ צייכן צו אַלע אונזערע טוער, וואָס קענען נאָך אַלץ ניט פאַרדייען די שול־אינסטיטוציע אין אַרבעטער־רינג, אַז דער ברייטער עולם, אַ דאַנק זיינע קליינע פאָראורטיילן, האָט שוין דעם שול־וועזן אין אַרבעטער־רינג אַסימילירט אין דעם בלוט־לויף פון זיינע אָדערן. עס בלייבט יעצט פאַר זיי איבער, אָוועקצוואַרפן אַלע פאָראורטיילן און חשדים און נעענטער באַקענען זיך מיט אָט דער וויכטיקער און ווייטגרייכנדער פּראָבלעם.

**דער ענטפער פון אינדעפּענדענט**

די אויסגעשטרעקטע, ברידערלאַכע האַנט פון אונזער אָרדן צו די מיטגלידער פון דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ קאַלטן און האַלבפאַרדעכטיקן „שלום־עליכם“. אין דער רעזאָלוציע, וואָס די קאָנווענשן פון דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג האָט אָנגענומען בנוגע אונזער פאָרשלאַג, און וועלכע די לעזער וועלן געפינען צווישן די רעזאָלוציעס אין דעם נומער „פריינד“, רעדט זיך וועגן פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע טעמים, וואָס מאַכן אוממעגלאַך אַ פאַרייניגונג צווישן ביידע אָרדנס. מילא, פּראַקטישע טעמים, פאַרשטייען מיר, זיינען געוויס יעצט, נאָך דער לעגאַליזאַציע אין מאַסאַטשוזעטס, נאָך אויך פאַראַן, אויב נישט פאַר די מיטגלידער פון דעם אינדעפּענדענט אָרדן, אָבער געוויס פאַר די באַאַמטע פון דער אָרגאַניזאַציע. עס ליגט זיך אויפ'ן שכל, אַז די פירער פון דער אינדעפּענדענט מלוכה זאָלן אויך ווייטער וועלן בלייבן ביי די היימישע קרוינען און ביי דעם אייגענעם שבת. אין מאָמענטן פון צווייפל וואָגן מיר אויך צו קלערן, אַז פאַר דער ברייטער מיטגלידערשאַפט פון דעם אינדעפּענדענט וואָלט פיל, פיל פּראַקטישער געווען, אַז זי זאָל זיך צונויפגיסן מיט דעם ר י ז י ק ן אַרבעטער־רינג. דאָס וואָלט נישט נאָר פאַרקלענערט און פאַרגרינגערט די גרויסע און שווערע בילל, וואָס די מיטגלידער פון יענעם אָרדן דאַרפן צאָלן, — דאָס וואָלט זיי אויך געגעבן אַ צוטריט צו די אויסשליסלאַכע, וויכטיקע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזער אַרבעטער־רינג: צום סאַניטאַריום, צום שול־סיסטעם, צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אין ניו־יאָרק, און צו פאַרשידענע אַ. ר. לייבאָר־לייסעאומס.

מיר דערלויבן זיך אָבער צו פרעגן ביי די לייטנדע גייסטער פון דעם אומאָפּהענגיקן אַרבעטער־רינג: צוליב וועלכע פ ר י נ צ י פּ י ע ל ע טעמים איז דאָס אַזוי אוממעגלאַך אַ פאַרייניגונג? איז דער אַ .ר. צו ווייניק נאַציאָנאַל? — זיינען דאָך אָבער פאַראַן גענוג ברענטשעס אין אַ. ר., וואָס שטעלן זיך נאַציאָנאַלע צילן. זיינען דאָך פאַראַן אַ היבש ביסל מיטגלידער אין אַ. ר., וואָס זיינען בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן, געוועזענע ס. ס., אַ. אַז. וו. איז דער אַ. ר. צו־ווייניק סאָציאַליסטיש? — זיינען דאָך אין אַ. ר. פאַרטראָטן אַלע שאַטירונגען פון סאָציאַליסטישן געדאַנק און באַוועגונג. אונטער דעם זעלבן דאַך פון אונזער אַ. ר. וואוינען, און אַרבעטן האַנט אין האַנט, מיטגלידער און פאַרטרעטער פון אַ ע אידישע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס. שטערט דען ווער עס איז די ברענטשעס און איינציקע מיטגלידער פון אַ. ר., ווען זיי ווילן זיך באַטייליקן אין אַן אַרבעט, מיט וועלכער די גענעראַל־עקזעקוטיווע פון אַ. ר. סימפּאַטיזירט נישט? אדרבא, זאָלן מיר וויסן וועלכע פּרינציפּיעלע אונטערשיידן שטייען דאָ אין וועג?

מיר וועלן אָנגעשטרענגט וואַרטן אויף אַן ענטפער צו די פראַגן. מיר וואָלטן קיינמאָל נישט געמאַכט קיין פאָרשלאַג פאַר פאַרייניגונג, ווען מיר וואָלטן ווירקלאַך זען פּרינציפּיעלע סבות, וועלכע צעשיידן אונז. מיר זעען זיי נישט. מיר זעען נאָר די פּראַקטישע סבות, פּראַקטיש נאָר פון אַ קליינלאַכן שטאַנדפּונקט, פון אַ פּערזענלאַכן שטאַנדפּונקט, וואָס איז אין דער אמת'ן גאָר קיין שטאַנדפּונקט נישט פאַר די עטלאַכע טויזנט מיטגלידער פון דעם „אינדעפּענדענט“.

* * *

**בר. 620 און בר. 225**

נישט דאָס ערשטע מאָל טרעפט זיך, אַז אַן אַ. ר. ברענטש זאָל אַרויסגיין מיט אַן אויפרוף צו אַלע ברענטשעס פון אַ. ר. וועגן דעם אָדער יענעם ענין. געוויינלאַך טוען דאָס די עלטערע ברענטשעס, וואָס האָבן געבויט דעם אַ. ר., וואָס האָבן געטראָגן די ערשטע, שווערע גרונט־שטיינער און האָבן אים געהאָלפן מאַכן פאַר דעם, וואָס ער איז איצט. אינגערע ברענטשעס האָבן אויך, פון צייט צו צייט, זיך אָפּגערופן אויף פאַרשידענע ערשיינונגען אין אונזער אָרדן. זיי האָבן דאָס אָבער געטאָן מיט גרויס איבערלייגונג, נאָך גענויע אונטערזוכונגען, מיט פּינקטלאַכער מאָס און וואָג און מיט אַלע נייטיקע פאָרזיכטיקייטן. נישט אַזוי, אָבער, האָט געהאַנדלט דער יונגער בר. 620 מיט זיין לעצטן אויפרוף צו די ברענטשעס.

בר. 620 האָט אין זיין גרויסער און געטרייער איבערגעבנקייט צו דער זאַך פון דעם אַרבעטער־קלאַס אָפּגעטאָן אַ זאַך, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע פון אונזער אָרדן. ער האָט געמאַכט אַ גיפטיקע אַטאַקע געגן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט זיך דורך די ביטערסטע שטורעמס מיט אַ ריינער אומבאַפלעקטער פאָן; געגן אַ פּאַרטיי, וואָס איז געווען די וויגעלע פון אַלץ וואָס איז שיין און ריין אין אונזער באַוועגונג; געגן די איינציקע לעבעדיקע און אַקטיווע מאַסן־פּאַרטיי פון אונזערע ברידער אין פּוילן, גאַליציע, ליטע און וואָלין, — געגן „בונד“.

נאָך שמאַכטן הונדערטער און הונדערטער בונדיסטן אין די פינסטערע טורמעס פון דעם פּאַנסקן „באַפרייטן“ פּוילן. עס האָבן נאָך נישט געפּלאַצט די זיגלען, מיט וועלכע עס זיינען פאַר'חתמ'עט געוואָרן די בונדישע אָפּיסעס, די בונדישע צייטונגען און זיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין די גרויסע און קליינע שטעט פון פּילסודסקיס מדינה. נאָך ציטערט אין דער לופטן דער גוואַלט־געשריי פון די הונדערטער געפּייניקטע בונדיסטן־דעמאָנסטראַנטן אויף די גאַסן פון וואַרשע, לאָדז, קראָקע, ביאַליסטאָק און ווילנע — און בר. 620 האָט אין דערזעלבער צייט די קופּערנע חוצפּה צו באַהויפּטן, אַז דער „בונד“ „שטעלט זיך די א י י נ צ י ק ע אויפגאַבע צו שטיצן די קאָנטער־רעוואָלוציע.“

קוים אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדן שאָטן פון פאַראַנטוואָרטלאַכקייט און בושה וואָגן נאָך די שרייבער פון דעם פּאַסקוויל אַריינצוגיין אין דעטאַלן און זאָגן זיך אָפּ מיט אַ גרינגן האַרצן, אַז דער „בונד“ איז אַרויסגעטראָטן „געגן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און האָט געשטיצט זיינע פאַרביסנסטע שונאים — די קאָלטשאַקס און דעניקינס, די וראַנגעלס און פּעטליוראַס, די אַלע, וואָס זוכן צו פאַרניכטן די פּראָלעטאַרישע הערשאַפט פון סאָוויעט רוסלאַנד. אין דעם באַשטייט די ג אַ נ צ ע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע פון דער איצטיקער בונדישער פּרעסע.“ דאָסזעלביקע ווערט באַהויפּטעט וועגן דער פעדעראַציע, די אָרגאַניזאַציע, וואָס האַלט יעצט אין פאַרלאָזן די ס. פּ., ווייל זי איז נישט גענוג רעוואָלוציאָנער.

אַי עס זיינען דאָך געווען אין דער רויטער אַרמיי ספּעציעלע בונדישע פּאָלקן פון ווייס־רוסלאַנד, וואָס האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט פאַר דער פּראָלעטאַרישער רוסלאַנד? אַי דער פּוילישער „בונד“ פירט דאָך פאַרהאַנדלונגען מיט'ן דריטן אינטערנאַציאָנאַל וועגן אָנשליסונג? אַי דערזעלביקער „בונד“ איז געווען איינגעלאַדן צו שיקן פּראַטווירנאַל דעלעגאַטן צום דריטן קאָנגרעס פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און האָט זיי טאַקע געשיקט? — האָט איר טאַקע אַן עולה ביי די גלענצנדע שרייבער פון דער „גלענצענדער“ שריפט!

מיר צווייפלען צי דער גאַנצער בר. 620 איז שולדיק אין אַזאַ ווילדקייט און אומפאַרשעמטקייט. עס ווילט זיך נישט גלויבן, אַז אין דעם האָבן געהאַט אַ האַנט מער ווי עטלאַכע טרויעריקע „פירער“, וואָס האָבן מער פאַרפירט ווי געפירט און באַפלעקט די פאָן פון ברענטש. קלאָגט זיך טאַקע איין מיטגליד פון דעמזעלבן ברענטש, אַז קיינער האָט פון גאָרנישט געוואוסט און אַז דאָס האָט געטאָן אַ ספּעציעלע קאָמיטע.

אַ שוואַרצע שטיקל אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן פון די פירער פון דעם ברענטש. אנשטאָט צו שטעלן זיך אויסשליסלאַך אויף אַ פּרינציפּיעלן באָדן און פּראָטעסטירן געגן דעם, וואָס די קאָנווענשן האָט איגנאָרירט געוויסע צייטשריפטן, וואָס האָבן געדאַרפט געשטיצט ווערן, האָט דער ברענטש מיט זיין האַנדלונג אַליין געגעבן אַ גענייגנדע באַרעכטיגונג פאַר אַזאַ איגנאָרירונג. די בלאָטע קלעפּט זיך שטענדיק צו די הענט, וואָס וואַרפן זיך מיט איר. עס איז אַ גרויסער ווייטאָג, וואָס דאָס האָט פּאַסירט אין אַ. ר. עס איז אַ שאַנדע פאַר די מיטגלידער פון בר. 620, וואָס זיי דולדן אַזעלכע אומפאַראַנטוואָרטלאַכע פירער!

די אייליקע האַנדלונג פון בר. 225, פּראָטעסטירנדיק געגן דער מאַסאַטשוזעטסער לעגאַליזאַציע, גיט אויך נישט צו צו דעם גרויסן, אָן־ספק גוט־מיינענדיקן, ברענטש קיין גרויס כבוד. צו ווערן שלעכט אינפאָרמירט צוליב איינזייטיקע אויספאָרשונגען איז נעקסט צו אַ פאַרברעכן. עס פאַרשטייט זיך, בשוגג, אומגערן. די פירער פון בר. 225 האָבן געקענט קומען אין גענעראַל־

(פאָרזעצונג אויף זייט 12).

# די אידישע שול־באַוועגונג אין פּוילן

פון וו. מעדעם

אין יאָר 1915, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג, איז אין גאַנץ פּוילן מיט ווילנע צוזאַמען געווען אַרום אַ האַלבן טוץ אידישע קינדער־היימען שולן. (איך מיין די אידישע וועלטלאַכע שולן מיט אידיש אַלס אונטעררעכט־שפּראַך.) עס זיינען אַריבער קנאַפּע זעקס יאָר. און אין זומער 1921 קלייבט זיך צונויף אין וואַרשע אַ שול־צוזאַמענפאָר — טאַקע פון דעם זעלבן מין אידישע וועלטלאַכע שולן — אויף וועלכן עס זיינען געקומען צו פאָרן קנאַפּע 400 דעלעגאַטן, וואָס פאַרטרעטן ביז 200 שולן און קינדער־היימען מיט אַן אַלגעמיינעם צאָל פון אַן ערך 26,000 קינדער. ס'איז אַ גוואַלדיקער ערפאָלג. און ווען מען זאָל נעמען אין אַכט, אַז דער ווייט גרעסטער טייל פון דער דאָזיקער אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך די אַרבעטער־טוער פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, קען מען באמת שטאָלץ זיין מיט די דאָזיקע רעזולטאַטן.

כדי אָפּצושאַצן ווי געהעריק די גאַנצע שוועריקייט פון דער אַרבעט, דאַרף מען האָבן אין זינען דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע שולן.

די אידישע שולן, וועלכע זיינען געבויט געוואָרן אין פּוילן און בכלל אין מזרח־אייראָפּע, שטעלן מיט זיך פאָר גאָר אַן אַנדער מין, ווי למשל די שולן, וואָס דער אַרבעטער־רינג שאַפט אין אַמעריקע. די שולן פון אַרבעטער־רינג זיינען אַ צוגאָב צו דער פּאָבליק־סקול. אין דער פּאָבליק־סקול באַקומט דאָס אידישע קינד די אַלגעמיינע בילדונג (אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע — דאָס איז אַן אַנדער פראַגע), די אידישע שול גיט דעם קינד אַ געוויסן עודף פון בילדונג און דערציאונג, — דאָס ביסל „אידישקייט" און דאָס ביסל „פּראָלעטאַרישקייט". אירע אויפגאַבן זיינען דעריבער באַגרענעצט מיט פאַרהעלטניסמעסיק שמאָלע ראַמען. אין פּוילן איז די זאַך אַנדערש. דאָרטן איז די אידישע שול נישט קיין צוגאָב צו דער אַלגעמיינער; די אידישע שול פאַרבייט די מלוכה־שול.

אמת, עס עקזיסטירט אין פּוילן לויט'ן געזעץ אויך אַ שולצוואַנג. אָבער נאָר אויפ'ן פּאַפּיר. פּאַקטיש באַזוכט די מלוכה־שולן נאָר אַ קליינער טייל פון אַלע קינדער, אַפילו פון די פּוילישע; וועגן אידישע איז שוין אָפּגערעדט. דאָס נעמט זיך פּשוט פון דעם, וואָס די צאָל עקזיסטירנדע שולן איז פיל צו ווינציק, כדי אַריינצונעמען אין זיך אַלע קינדער אין'ם שול־עלטער. ס'איז דאָ פאַראַן אַ געוויסע צאָל מלוכה־שולן, וועלכע זיינען באַשטימט ספּעציעל פאַר די קינדער „פון משה'ס גלויבן", אָבער די צאָל ערטער אין די דאָזיקע שולן איז ווינציק, און עס קען אין זיי געפינען אָן אָרט אַ גאַנץ אומבאַדייטנדער פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער. דערצו דאַרף מען געדענקן, אַז די דאָזיקע שולן זיינען בכלל נישט צוגעפּאַסט פאַר אידישע קינדער. די אונטעררעכט־שפּראַך איז אַ פּוילישע, דער גאַנצער גייסט — אַ פּויליש־אַסימילאַטאָרישער, און אַנשטאָט צו דערציען קינדער פאַרקריפּלט מען זיי. דאָס זעלבע איז נוגע די עטלאַכע „געזעלשאַפטלאַכע" שולן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון פאַרשידענע אַסימילאַטאָרישע חברות. דאָס זיינען נישט קיין אידישע שולן, נאָר פּשוט פאַבריקלאַך צו מאַכן פון די אידישע עופה'לאַך „פּאָליאַקן פון משה'ס גלויבן".

ווייטער איז דאָ פאַראַן אַ הייפל ציוניסטישע שולן מיט דער העברייאישער אונטעררעכט־שפּראַך. דאָס איז אַ ווילדער און שעדלאַכער עקספּערימענט מיט די קינדערשע נשמות. ס'איז דאָ אַ נאָך ערגערע צעקריפּלונג, ווי אין די פּוילישע שולן. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז דער אויבן־דערמאָנטער שול־צוזאַמענפאָר האָט איינשטימיק אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע פאַרדאַמט אויפ'ן שאַרפסטן אופן דעם דאָזיקן ציוניסטישן עקספּערימענט. פאַר דער דאָזיקער רעזאָלוציע האָבן געשטימט אַפילו די פּועלי־ציוניסטישע דעלעגאַטן.

וועגן די חדרים און תלמוד־תורות, וואו עס לערנט זיך ביז'ן היינטיקן טאָג זייער אַ גרויסע צאָל קינדער, איז נישט ווערט צו פאַרלירן אַ וואָרט. ס'איז אַן אמת'ער אומגליק פאַר'ן יונגען דור.

גאָר אַ גרויסער — מסתמא דער גרעסטער — טייל פון די קינדער בלייבט אָבער אין גאַנצן אָן אַ שול־בילדונג. די דאָזיקע קינדער וואַקסן אויף דער גאַס און ווערן שרעקלאַך פאַרוואָרלאָזט פיזיש און פאַרווילדעט גייסטיק.

אַזוי אַרום באַשטייט די אויפגאַבע פון אונזער שול־באַוועגונג אין פּוילן אין דעם שאַפן אַ נייע, אמת מאָדערנע אידישע פאָלקס־שול. די שול, וואָס מען באַמיט זיך צו שאַפן, דאַרף אַנטשפּרעכן די מאָדערנסטע כללים פון דער נייעסטער פּעדאַגאָגיק. און גלייכצייטיק שטעלט זי זיך די אויפגאַבע צו דערציען די קינדער אין דעם אמת פּראָגרעסיוון פּראָלעטאַרישן גייסט. דאָס הייסט נישט, אַז מען פאַרנעמט זיך אין די שולן מיט אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע; קליינע קינדער דאַרפן און טאָרן זיך נישט פאַרנעמען מיט פּאָליטיק. דאָס הייסט אָבער, אַז מען באַמיט זיך צו דערציען זיי אין דעם גייסט פון אַ סאָציאַליסטישער מאָראַל און סאָציאַליסטישער פּסיכאָלאָגיע.

עס קומט אויס צו שאַפן גאָר אַ נייע זאַך. אַזעלכע שולן האָבן נאָך קיינמאָל ניט עקזיסטירט אויף דער אידישער גאַס. און אַפילו ביי די אומות העולם איז מען נאָך נישט געגאַנגען ווייטער פאַר די ערשטע פּראָבעס. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלאַך, אַז אונזערע שול־טוערס מוזן דערווייל טאַפּן אין פינסטערן. ס'איז נישט קיין וואונדער, וואָס מען באַגייט פעלערן. בפרט נאָך, אַז ס'איז דאָ פאַראַן זייער ווייניק געניטע פּראָפעסיאָנעלע לערערס. אָבער ס'איז גענוג אויף אַ ווײַלע אַריינצוכאַפּן זיך אין אַזאַ שול, כדי צו פילן, אַז עס הערשט אין זיי גאָר אַ נייער גייסט. מען פּרובט זיך אַריינצופירן אין דער שול דעם אַרבעטס־פּרינציפּ, מען באַמיט זיך צו אַנטוויקלען די זעלבסט־טעטיקייט און אַ מין זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די קינדער (ס'איז דאָ פאַראַן אַזעלכע שולן, וואו די קינדער באַטייליקן זיך אַפילו אין דעם פאַרוואַלטן מיט דער שול־ווירטשאַפט); עס הערשט אַ חבר'שע באַציאונג צווישן די שילער און די לערער; די קינדער פילן זיך היימיש, זיי זיינען פריילאַך, לעבעדיק, צוגעבונדן צו דער שול, און ס'איז די גרעסטע שטראָף פאַר'ן קינד, ווען עס טרעפט זיך עפּעס אַ סיבה און מען שיקט אים אַוועק פון דער שול.

נישט אַלע שולן שטייען אויף דער זעלבער מדרגה. ס'איז נאָך אַפילו ניטאָ קיין אַלגעמיינע פּראָגראַם, וואָס זאָל ווערן איינגעפירט אומעטום. יעדע פּאַרטיי־ריכטונג האָט אירע באַזונדערע שולן, מיט וועלכע זי פאַרוואַלטעט זעלבסטשטענדיק. אין אַ טייל פון די שולן איז דאָ פאַראַן דער לימוד פון העברייאיש (ביי די פּועלי־ציון און ביי די „אומפּאַרטייאישע"), אין אַנדערע שולן איז קיין העברייאיש נישטאָ. אָבער די דאָזיקע אונטערשידן באַציען זיך פאָרט בלויז אויף איינצעלנע פּרטים, און אין אַלגעמיין קאָן מען פאָרט רעדן וועגן אַן אַלגעמיינער שול־באַוועגונג און געמיינזאַמער שול־אַרבעט.

ביי דער גאַנצער זעלבסטשטענדיקייט פון די איינצעלנע שול־קוראַטאָריומס איז דאָ פאָרט פאַראַן אַן אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרבינדט צוזאַמען די אַלע שולן. ווען דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע וועל איך דערציילן אין אַ דריטן אַרטיקל.

# שטיקלאך און ברעקלאך

פון י. ב.

עס איז לעבעדיק אין דעם לאגער פון אונזערע פריינט, די „אינדעפענדענטניקעס“. אזוי, אמוויניקסטנס, שיינט דאס פון אויבן־אויף. דער אויבערשטער האט זיי צוגעשיקט א טעמע, דער ארבעטער־רינג, און עס גייט ווי אויף רעדלאך. זייער גאנצער קאנווענשן־נומער איז געווען פארנומען מיט אטאקעס, מיט ציינקריצעניש, און מיט אנדערע „פריינדלאכע“ באמערקונגען וועגן דעם ארבעטער־רינג, און וועגן זיינע טוער. פשוט ווי פון קייט אפגעשלאסן זיך און די קליינע פודליקעס האבן כאטש דעם פארגעניגן געהאט צו ציינגן דער וועלט, אז אויך זיי קענען בילן אויף דעם גרויסן העלפאנט. איינער, א איד, וועלכער שיינט צי האבן גאנץ לאנגע אויערן, איז ארויס אין דעם ליכטיקן „טאג“ מיט א גאנצער באטערי פון ארטילעריע און האט זיך צולאזן אויף א גאנץ בריטלאכן מאסשטאב און מעשה־מעפיסטא מאכט ער זיך חוזק און לאכט אין די הויפנס. ער מאכט זיך תמ'עוואטע און פרעגט אזוי נאאיוו, „וואס איז אייגנטלאך די שמחה ביים ארבעטער־רינג, וואס פויקן זיי וועגן זיגן, ווען די זאך איז גאנץ איינפאך, דער ארבעטער־רינג האט פריער געהאט א שלעכטע סיסטעמע פון צאלונגען און יעצט, אז ער האט איינגעפירט א בעסערע סיסטעמע פון צאלונגען, האט מען אים געגעבן א טשארטער?“ גאנץ קלאר און איינפאך. ער פרעגט ווייטער, ווארום האט דער נאציאנאלער ארבעטער־פארבאנד ניט געמאכט קיין גאנצן ווען פון זייער זיג, ווייל אויך זיי האבן דארט געקראגן א טשארטער.

*  *  *

כל עורב למינהו, און ניט אומזיסט האט זיך מר. בערקאוויטש אויסגעקליבן אזא ליכטיקע, בשר'ע צייטונג. די אידישע ארבעטער־מאסן געדענקן אלע העצעס און מסירות וואס עס האבן זיך געשאטן פון אירע „שטראלנדע“ ציילן אויף זייערע קעפ אין דער צייט פון מלחמה, מען האט דערציילט דער וועלט, אז די אידישע מאסן זיינען פאר די דייטשען, זיינען פאררעטער צום אמעריקאנער פאלק, זיינען אגענטן פון דער דייטשער רעגירונג. מיר געדענקן נאך גוט די ארטיקלען פון דעם טלית־קטנ'דיג פ"צ סאציאליסט, דעם דאקטער פון אלע פילאזאפן, מיט זיינע שמוציקע ארטיקלען נאך דער קאנווענשן פון דער פיפלס קאונסיל. זיי ליגן אונז גוט אין מאגן און עס איז גאנץ נאטירלאך, אז די אטאקעס אויף דעם ארבעטער־רינג מיט די אלע „פערל“, וואס קומט פון מר. בערקאוויטשס פען, זאלן אויך געפינען זייער פלאץ אין אט דער צייטונג.

*  *  *

ווי געזאגט, האט מר. בערקאוויטש גאנץ לאנגע אויערן, אבער דאך ווייסט ער ניט פון א סך זאכן; אדער ער מאכט זיך ניט ווויסנדיק, אדער ער האט גארניט געהערט פון די אלע שוועריקייטן און די אלע שטיינער, וועלכע איינציגע „פריינט“ פון דעם ארבעטער־רינג אין מאסאטשוזעטס סטייט האבן געלייגט אויף דעם וועג פון זיין לעגאליזאציע. און מר. בערקאוויטש מאכט א טעות, אויב ער דענקט, אז מ'קען בלאפן דעם עולם אלע מאל און אלע ציימן, און מיר וועלן יעצט שטעלן א פאר פראגן צו די חברה און זאלן זיי אונז ענטפערן אויף פאלגענדעס:

וועלכע שמוציקע הענט האבן גענומען די אדווערטייזמענט פון דעם ארבעטער־רינג, האבן איר איבערגעזעצט אין ענגליש און צוגעשטעלט צו דעם אינשורענס דעפארטמענט, אום צו איבערצייגן, אז דער ארבעטער־רינג טוט אומגעזעצלאך ביזנעס אין מאסאטשוזעטס סטייט דערמיט, וואס ער פארשפרעכט פיונעראל בענעפיט צו זיינע מעמבערס? (און פיונעראל בענעפיט אלס פאמיליע־פארזיכערונג איז אומגעזעצלאך אין מאסאטשוזעטס סטייט.) נאך א פראגע: וועלכער פאררעטער פון דעם ארבעטער־רינג, א מעמבער עט לארדזש, האט צוגעשטעלט צו דעם זעלביקן אינשורענס דעפארטמענט א רייט־קארד פון גענעראל־אפיס פון ארבעטער־רינג צו די מעמבערס עט לארדזש, וועלכע האט אויף זיך אויך געדרוקט די פאלגענדע ווערטער: „פיונעראל אסעסמענטס פאר קווארטאל דעם און דעם, אזוי פיל און אזוי פיל.“ ווער האט געהאט דעם אינטערעס צו פאר'מסר'ן דעם ארבעטער־רינג פאר דעם אינשורענס דעפארטמענט פון מאסאטשוזעטס סטייט? אין וועמעס נאמען האבן די דאזיקע מוסרים געהאנדלט? — און נאך א זאך: אין וועמעס נאמען האט די קאמיטע פון דעם אינדעפענדענט ארבעטער־רינג פארלאנגט פון דעם אינשורענס דעפארטמענט א חירינג איידער דער דעפארטמענט גייט באשליסן צו געבן א טשארטער דעם ארבעטער־רינג? איז די דאזיקע קאמיטע באאויפטראגט געווארן צו האנדלען אין דעם נאמען פון אלע מיטגלידער פון דעם אינדעפענדענט? האט די דאזיקע קאמיטע געהאנדלט לויט די אינסטרוקציעס פון דער קאנווענשן פון דעם אינדעפענדענט, אדער לויט דעם באשלוס פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע פון אינדעפענדענט? אמת, די מסירה האט זיך ניט איינגעגעבן. די פארטרעטער פון דעם ארבעטער־רינג האבן געוואוסט ווי אפצווענדן די דאזיקע אטאקעס, אבער דער פאקט בלייבט א פאקט, אז איינצעלנע פערזאנען האבן זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיין זאך און האבן אנגעווענדט דעם וואפן פון מסירה ביים לעצטן מאמענט אום אפצוהאלטן דעם דעפארטמענט ארויסצוגעבן דעם אר. רינג א טשארטער. א־יא, מר. בערקאוויטש, און אלע וועלכע זיינען מיט אייך, וועט איר אונז געבן אן ענטפער אויף אט די אלע פראגן? און ווען די דאזיקע פראגן וועלן ווערן פארענטפערט, וועט איר פארשטיין ווארום דער ארבעטער־רינג באצייכנט אלס זיג זיין טשארטער אין מאסאטשוזעטס סטייט, און ווארום די אנדערע ארגאניזאציעס האבן ניט גערארפט מאכן דערפון קיין וועזן, ווייל נעגן זיי האט מען דעם וואפן פון מסירה ניט אנגעווענדט. און אט די חברה האבן נאך דעם מוט צו באקלאגן זיך, אז דער ארבעטער־רינג באשמוצט און פארלוימדעט דעם אינדעפענדענט. ארעמע, אומשולדיקע שעפסעלאך, א רחמנות אויף זיי.

*  *  *

איר האט ווארשיינלאך געהערט פון יענער פאפוגיי, וועלכע האט געהערט ווי איר באלעבאס האט אמאל אויסגעשריען, ווען ער איז ארויין פון דרויסן, „וואס פאר א שלעכטער וועטער.“ און זי האט געהאלטן אין איין ווידערהאלן, מאג איין טאג אויס, די ווערטער: א שלעכטער וועטער, אבוואהל אין דרויסן איז געווען ליכטיק שיין און די זונענשטראלן פלעגן זיך באדן אין דער זילבערפלעכע פון באצויבערנדן ים. מיר האבן אין אונזערע רייען פילע אזעלכע פאפוגייען. זייער דענקונגס־אפאראט איז ווייט פון צו זיין אנטוויקלט, און זיי זיינען ניט פייאיק מער ווי אויף פראזן, וועלכע זיי האבן זיך אנגעהערט פון אנדערע. אונזער גאטרגעבענשטער ברענטש 620 איז איינער פון דעם סארט מינים. עס איז א ברענטש פון שטארקע רעוואלוציאנערן און די פראזן פון קאנטער־רעוואלוציע איז ביי זיי שטענדיק אויף די ליפן און אז מ'וויל איינעם אוועק'חרג'ענען, לאזט מען ארויס אט דעם צויבער־שטעקעל, „קאנטער־רעוואלוציאנער“, און יענער איז טויט. עס פארשטייט זיך, אז יעדער האט א רעכט אויף דומהייט און אידיאטסטווע, אבער מיסברויכן דאס דאזיקע רעכט דארף מען ניט. גזלנים וואס איר זייט, ווארט כאטש א ווייליקע. איר האט נאך זאגאר אייערע פיס ניט אנגעווארעמט אין ארבעטער־רינג. איר וועט זיך אביסל מער באקענען מיט דעם ארבעטער־רינג און זיין גייסט, וועט איר דאן אמוויניקסטנס האבן א רעכט ארויסצוצייגן אייער אנמויסנקייט און אייער חוצפה. מיר ווילן דא ניט פארטיידיקן דעם „בונד“. אבער וואס האט איר צום כבוד פון דעם ארבעטער־רינג, ווען איר זאגט וועגן אים איז נידעריקע רכילות און פארלוימדונג. יעדער, וועלכער איז באקאנט מיט דער טעטיקייט פון דעם „בונד“, ווי ער איז זאגאר יעצט, וועט געפינען, אז אלץ וואס איר זאגט וועגן אים איז נידעריקע רכילות און פארלוימדונג.

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## 4. באָקאַטשיאָ (1375—1313)

דזשיאָוואַני באָקאַטשיאָ איז געווען איינער פון די גרעסטע דיכטער פון דער איטאַליענישער רענעסאַנס־עפּאָכע און איינע פון די מערקווירדיקסטע פּערזענלאַכקייטן אין דער געשיכטע פון דעם מענשלאַכן גייסט.

די „רענעסאַנס“ אָדער ווידערגעבורט איז געווען אַן איבערגאַנגס־עפּאָכע, וועלכע איז רייך געווען מיט פאַרשידנאַרטיקע אַנטפּלעקונגען פון דעם מענשלאַכן גייסט. ביז יענער צייט איז די וויסנשאַפט, די קונסט און אַלע מאָראַלישע באַגריפן געווען באַגרינדעט אויף פאַנאַטישע פאָרשטעלונגען פון דער מיטלאַלטערלאַכער רעליגיע. די קירך האָט זיי נישט געלאָזט פריי זיך אַנטוויקלען, פאַרפאָלגענדיק, אַלס אַפּיקורסות, אַלץ, וואָס האָט ניט געשטימט מיט אירע דאָגמאַטן. די מאָנאַסטירן און מאָנאַכן האָבן געוועלטיקט איבער אַלע אַנטפּלעקונגען פון דעם מענשלאַכן לעבן. און דערפאַר האָט אויך די קונסט געטראָגן אַ רעליגיעז־מיסטישן כאַראַקטער ווייט פון דעם ווירקלאַכן לעבן און פון דער נאַטור. גאָר דאָס ערדישע האָט זיך גערעכנט פאַר זינדיק און שמוציק, פאַר ניט ווירדיק צו דינען אַלס מוסטער פאַר קונסט. די שאַפונגען פון די איטאַליענישע קינסטלער, דיכטער און געלערטע זיינען געווען אַבסטראַקט און ווייט פון לעבן.

רעדווייל זיינען אויסגעוואַקסן נייע דורות, וועלכע האָבן געהאַט נייע פאָדערונגען און נייע אידעאַלן. אין דעם 15־טן יאָרהונדערט האָט זיך אין איטאַליען געבילדעט אַ גאַנצע ריכטונג אין דער וויסנשאַפט און קונסט, וואָס איז באַוואוסט אונטער'ן נאָמען הומאַניזם. די פאָרשטייער פון דעם הומאַניזם האָבן געשטרעבט צו דערקענען די נאַטור און אירע געזעצן, זיי האָבן געלאַכט פון די מאָנאַכן און פון זייערע פּלפּולים און זיינען געווען ליידנשאַפטלאַכע אָנהענגער פון דער אַלטערטימלאַכער גריכישער און רוימישער ליטעראַטור, וויסנשאַפט און קונסט. די הומאַניסטן האָבן געשטעלט פאַר זייער אויפגאַבע ברייטע בילדונג און די אַנטוויקלונג פון שכל און האַרץ. וואַנדערנדיקע געלערטע האָבן גענומען פאַנאַנדערטראָגן איבער גאַנץ איטאַליען די זריעה פון דער נייער לערע, דער צענטער פון וועלכער עס איז געווען פלאָרענץ. דער דעוויז פון די הומאַניסטן איז געווען: „קיין זאַך, וואָס איז מענשלאַך, איז מיר נישט פרעמד.“ מ'האָט זיך גענומען אינטערעסירן מיט דער ערד, אַ סך מער ווי מיט'ן הימל. דאָס מענשלאַכע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער פון לעבן.

אָבער די דאָזיקע נייע לערער האָט אויך געהאַט איר פאַרקערטע זייט. אָפּוואַרפנדיק די מאָראַלישע כללים פון דער עקזיסטירנדיקער קירך און נישט באַוויזנדיק אויסצואַרבעטן אירע אייגענע, האָט זי נישט געהאַט קיין מאָראַלישן אָנהאַלט און האָט געגעבן אירע נאָכפאָלגער די פרייהייט זיך איבערצוגעבן צו אומגעצוימטער צעלאָזענקייט. קורץ, יענע צייט איז געווען אַ טריבע, אַ טונקעלע און אַן אומרוהיקע. אָט אין אַזאַ צייט האָט געלעבט און געווירקט דזשאָוואַני באָקאַטשיאָ.

* * *

אין באָקאַטשיאָן האָט פּעטראַרקאַ געפונען אַן איבערגעבענעם פריינד, אַ נאָכפאָלגער און ענערגישן געהילף. ער האָט איבערגענומען אַ גרויסן טייל פון זיינע אידעען און האָט זיי פּראָפּאַגאַנדירט, ווי אַ ווירדיקער תלמיד פון זיין רבי'ן. דערביי מוז מען אָבער באַמערקן, אַז נאָר ניט פילע פון פּעטראַרקאַס אידעען האָט באָקאַטשיאָ אַנטוויקלט מער אויספירלאַך און זעלבסטשטענדיק. אין דעם פּרט פון ליבע איז באָקאַטשיאָ אַוועק ווייטער פון זיין לערער. ביי פּעטראַרקאַן פיגורירט ניט די ווירקלאַכע ליבע, נאָר אַביסל אַ דורכגעלייטערטע, „אַן אונטערגעשווירענע“. אין מאַנכע פון פּעטראַרקאַס שאַפונגען זעען מיר שוין דאָס מענשלאַכע געפיל, וואָס ווערט אָנערקאָנט גאַנץ גוט, וואָס פאַרשאַפט אָבער מאָראַלישע ליידן, מחמת דאָס דאָזיקע מענשלאַכע געפיל גייט זיך פאַנאַנדער מיט די אַלטע אידעאַלן. באָקאַטשיאָ איז אַ סך דרייסטער אין אָט דעם פּרט, אין זיין ליבע איז קיין שום אַסקעטיזם נישטאָ, ער האָט אינגאַנצן פּראָקלאַמירט די געזעצלאַכקייט פון ליבע. אַמפולסטן איז באָקאַטשיאָס בליק אויף ליבע אויסגעדריקט אין זיין „דעקאַמעראָן“.

אין דעם אַריינפיר צום פערטן טאָג אין „דעקאַמעראָן“, דערציילט באָקאַטשיאָ: אַ יונגער מאַן, וואָס איז ביז צוואַנציק

---

איר רעדט אין זיין נאָמען? אויב דער אַרבעטער־רינג אנז רעאַקציאָנער, און אויב די פירער זיינען אַזוי רעאַקציאָנער און קאָנסערוואַטיוו, טאָ וואָרום זייט איר געגאַנגען אין דעם אַרבעטער־רינג און ווער הייסט אייך זיין אין דער דאָזיקער קאָמפּאַניע?

געוויס איז דער אַרבעטער־רינג רעאַקציאָנער. ער שטיצט אַלע קליין־בירגערלאַכע אַנשטאַלטן, ווי האָספּיטאַלן, אימיגראַנט אייד סאָסייעטיס, קינדער־אַנשטאַלטן, און פאַרשטייט זיך, אַז אונזערע אַרכי־רעוואָלוציאָנערן וועלן זיך קיינמאָל ניט באַנוצן מיט אַזעלכע בירגערלאַכע אַנשטאַלטן ווי אַ האָספּיטאַל און וועלן קיינמאָל ניט פאַרלאַנגען פון אָפּיס, אַז דער אָפּיס זאָל זיי באַהילפיק זיין אין אַריינעמען אַ קראַנקן מיטגליד אין אַ האָספּיטאַל. דער אַרבעטער־רינג גיט אַרויס ביכער, וועלכע זיינען אויך קליין־בירגערלאַכע. אַזוי האָט אויסדריקלאַך געטענה'ט איינער פון אַזעלכע רעוואָלוציאָנערן ביי אַ געוויסן מיטינג פון אַ בראַנטש. ווער ווייסט דאָס ניט, אַז כעמיע, צום ביישפּיל, איז אַ בורזשואַזע וויסנשאַפט. דאָרטן רעדט זיך וועגן געוויסע מאַטעריאַלן, וועגן שטאָל, אייזן, זילבער, גאָלד, — נו, וועמען אינטערעסירן אַזעלכע זאַכן, ווען ניט אַ קאַפּיטאַליסט? און פיזיק, דאָס איז דאָך געוויס אַ בורזשואַזע וויסנשאַפט, — וואַרעמקייט, ליכט, עלעקטריציטעט, — ווער באַנוצט זיך מיט זיי? די בורזשואַזיע.

לאַכט ניט, מיינע פריינט, דאָס זיינען פאַקטן. נאָר איין אַנטשולדיגונג האָבן מיר פאַר זיי, — זיי זיינען יונג. נאָר ווי זאָגט דאָרטן דער גוי, „דען איבערמוט דעם אינגלינגס טראַג איך ניט. שפּאַרט מיר דען אַנבליק זיינער ראָהען זיטען.“

* * *

עס האָט זיך געוואָלט פאַרלירן אַ פּאָר ווערטער וועגן אונזערע פריינט פון בר. 225. נאָר מיר ווייסן, אַז דאָס איז ניט זייער שולד. זיי האָבן סימפּאַטיע מיט זייער דורכגעפאַלענעם קאַנדידאַט צו דער אָפּיס קאָמיטע, האָט מען זיך אַריינגעלאָזט אין אַן אַוואַנטיורע און מען באַדעקט די אייגענע חרפּה מיט אַ פייגנבלאַט. מ'זאָגט אונז, אַז דער דאָזיקער דורכגעפאַלענער קאַנדידאַט האָט עס פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע. וואָס טוט מען ניט פאַר אַן איינעם שטיקל כבוד? מ'געפינט שוין אַ וועג אַריינצולייגן אַ טומאה אין דער יראה. פּרינציפּן און פאַרלעצונגען פון קאָנסטיטוציע, און נאָך אַנדערע שרעקלאַכע זאַכן, וועלכע וואַרפן איינפאַך אַ שרעק אויף די מיטגלידער און רופן אַרויס אַ פּראָטעסט געגן דער עקזעקוטיווע. וועט איר דאָך פרעגן, וואָרום האָט דער דאָזיקער בראַנטש געוואַרט גאַנצע 6 מאָנאַטן און האָט געשוויגן, און וואָרום האָט דער דאָזיקער דורכגעפאַלענער קאַנדידאַט פון בראַנטש 225 געשוויגן דאַן, ווען ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און האָט געטראָגן די זעלבע פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר די אַלע בייזע טאַטן און געוואַלדמיטלען פון דער עקזעקוטיווע?

איז דער תירוץ: וויי צו דעם באַזיגטן — און איר וועט אַלע טאָן אַ גוטע זאַך, ווען איר וועט איינפאַך אויסדריקן אייער מיטלייד מיט אים.

יאָר אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין א וואלד און האָט קיין פרוי נישט געזען, איז צום ערשטן מאָל געקומען מיט זיין פאָטער אין פלאָרענץ און האָט דאָרט באַגעגנט א פריילאכע מעננע אויסגעפוצטע מיידלאך. דער בחור ווערט אויגנבליקלאך ארומגעכאפט פון א ניי געפיל. וואָס איז דאָס? — שטייט ער צו צום פאָטער. — לאָז אראָפּ די אויגן און קוק נישט — ענטפערט האסטיק דער פאָטער: דאָס איז א מיאוס'ע זאַך. — און ווי ווערן אָנגערופן אָט די שפאסן? — פרעגט דער בחור. — גענזעלאך! — ענטפערט דער פאָטער. — פאָטער, — זאָגט דער יונגער מאן, — זאָלן מיר אפשר מיטנעמען מיט זיך איין גענזעלע; איך וועל עס געבן עסן.

אין אָט דער מעשה'לע ווערט אמבעסטן קאָנסטאַטירט די מאכטיקייט פון גוף, זיין רעאבליטאציע, דאָ ווערט פארטיידיקט זיין פאָדערונג, דאָס מענשלאכע געפיל, דאָס מ ע נ ש ל אָ כ ע. נאָך ווייטער גייט ער אין זייטע שפּעטערדיקע דערציילונגען, וואו ער רופט צו ליבע, וואו ער לויבט זי, א לויב, וואָס קערט איבער מיט'ן רעק ארויף אלע פריערדיקע אנשויאונגען אויף זינד.

אין דער צייט פון זיינע נסיעות האָט באָקאטשיאָ באזוכט געלערטע, פארשידענע רענקמאָלן, מאָנאסטירן און ביבליאָטעקן און האָט געזאמלט אויף זיין אייגענעם חשבון זעלטענע און טייערע מאנוסקריפטן. אין פאָרשן די גריכישע שפּראַך האָט באָקאטשיאָ ווייט איבערגעשטייגט פעטראַרקאָן און ער האָט נעקאָנט זיך גרויס האלטן מיט דעם, וואָס ער איז געווען דער ערשטער פון די איטאליענער, וואָס האָט איבערגעלייענט האָמערן אין אָריגינאַל.

נאָר זיינע פארדינסטן פאר זיין מוטער־שפּראַך זיינען געווען נאָך וויכטיקער. דאָס אייגענע, וואָס דאַנטע און פעטראַרקא האָבן געטאָן פאר דער איטאליענישער פּאָעזיע, האָט באָקאטשיאָ געטאָן פאר דער איטאליענישער פּראָזע מיט זיינע קינסטלערישע דערציילונגען.

דער גרעסטער ערפאָלג איז אויסגעפאלן אויף זיינע הונדערט נאָוועלן, וואָס זיינען געזאמלט געוואָרן אונטער דעם אלגעמיינעם טיטל — „דעקאמעראָן". „דעקאמעראָן" באשטייט פון צוויי גריכישע ווערטער: צען און טאָג. דאָס הייסט א צענטאָגיקער טאָג־בוך.

קודם כל ווערט אין „דעקאמעראָן" באשריבן די טשומאַ־מגפה, וואָס האָט אין איטאליען געווילדעוועט אין יאָר 1348, וואָס האָט אוועקגעלייגט צענדליקער טויזענטער מענשן. פלאָרענץ האָט פון דער מגפה געליטן מער פון וועלכער איז אנדער שטאָט. די גאסן און די סקווערן זיינען געווען וויסט, די הייזער פארקלאפּט, די קירכן כמעט פארלאָזן. אין דער אייגענער צייט האָבן זיך אין פאָרהויז פון דער קירך „סאנטא־מאַריא־נאָוועלא" באגעגנט זיבן יונגע דאמען פון דער העכסטער געזעלשאפט, שיינע, קלוגע. רעדנדיק וועגן דער טרויעריקער לאגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די שטאָט מיט אירע איינוואוינער, האָט איינע פון די דאמען פאָרגעשלאָגן, כדי צו פארטרייבן די פינסטערע שטימונג און ניט אָנגעשטעקט צו ווערן מיט דער שווארצער מגפה, אוועקצוגיין אויף עטלאכע טעג אין די שיינע אומגעגנטן פון פלאָרענץ, וואו די לופט איז בעסער און וואו זיי וועלן זיין אין אן אָפּגעקליבענער געזעלשאפט. נאָר אזוי ווי זיי האָבן נישט געקאָנט גיין אליין, אָן מאנספּארשוינען, זיינען מיט זיי געגאנגען דריי יונגע לייט, וואָס זיינען געווען מיט מאנכע פון זיי אין פארוואנדשאפט און מיט מאנכע אין ליבעס־באציאונגען. קומענדיק אהין הייבען זיי אָן פירן א לוסטיק לעבן, מ'גייט שפּאצירן, מ'טאנצט, מ'זינגט און מ'שפּילט דערביי, כדי אויסצופולן די פרייע צייט, מוז איטלאכער דערציילן אן אינטערעסאנטע געשיכטע. די געזעלשאפט איז באשטאנען פון צען מענשן, פאָלגלאך, אז אלע טאָג האָט מען דערציילט צען געשיכטן, און אזוי די ווי דערציילונגען האָבן אָנגעהאלטן אין משך פון צען טעג, איז אויסגעקומען פונקט הונדערט געשיכטן.

אין אמת'ן האָט באָקאטשיאָ אָנגעשריבן „דעקאמעראָן" אין משך פון עטלאכע יאָר.

דאָס דאָזיקע ווערק האָט גרויס געמאכט באָקאטשיאָס נאָמען. אלע, וויפיל עס זיינען נאָר דעמאָלט געווען אין איטאליען געלערטע און קענער, האָבן איינשטימיק דערקלערט, אז דער זשעני פון דער איטאליענישער פּראָזע האָט צונויפגענומען אין דעם דאָזיקן בוך אלע אוצרות פון דער שפּראַך, וועלכע איז דערפירט געוואָרן צו דער גרעסטער ריינקייט און שיינקייט. מ'האָט זיך געשפּיגלט און מ'שפּיגלט זיך ניט נאָר מיט'ן אינהאלט און מיט'ן אַרט שרייבן פון די דאָזיקע נאָוועלן, נאָר אויך מיט דעם וואונדערלאכן רעמל, אין וועלכן זיי זיינען איינגעפאסט און וועלכער, פארבינדנדיק זיי אין איין גאנצע, באשטייט פון פּאָעטישע, קינסטלערישע באשרייבונגען פון דער נאטור און פון לעבעדיקע דיאלאָגן צווישן די דערציילער.

דאָס בוך האָט אָבער אויך פארשאפט דעם פארפאסער ניט ווייניק אומאנגענעמלאכקייטן, מחמת די דאמאָלסטיקע גייסטלאכע, וואָס זייער פאָרדאָרבנקייט ווערט אין „דעקאמעראָן" קריטיקירט אָן רחמנות, האָבן געוואָלט פארטיליקן באָקאטשיאָס ווערק. דאָס בוך איז דערקלערט געוואָרן פאר אומזיטלאך, און נאָך היינט ווערט עס טיילווייז באטראכט אלס אזעלכעס. אמת, אין „דעקאמעראָן" זיינען דאָ עטלאכע דערציילונגען און עטלאכע אויסדרוקן, וואָס זיינען זייער פריוואָל; מען דארף אָבער באמערקן, אז אין דעם דאָזיקן פּרט איז די היינטיקע פּאטאלאָגיש־פּסיכיאטרישע בעלעטריסטיק אוועק שוין אזוי ווייט, אז באָקאטשיאָס דערציילונגען זיינען קעגן איר קינדיש נאאיוו. דערביי דארף מען באָקאטשיאָס דערציילונגען ניט באטראכטן פון דעם שטאנדפּונקט, אז זיי זיינען געשריבן געוואָרן נאָר פאר א צייטפארטרייב, ווי עס האָבן געמיינט א סך פון „דעקאמעראָנס" געגנער. אזעלכע דערציילונגען זיינען דאָ ווייניק, און דעם מגושמ'דיקן עלעמענט אין „דעקאמעראָן" איז אָפּגעגעבן ניט מער אָרט, ווי וויפיל ער האָט זיך באגעגנט אין לעבן ביי די דאמאָלטיקע זיטן און וויפיל עס איז נייטיק געווען פאר די צוועקן פון דעם פארפאסערס מאָראל־לערע.

פון די הונדערט נאָוועלן, וואָס זיינען דאָ אין „דעקאמעראָן", זיינען פינף און צוואנציק אָדער דרייסיק מער אָדער ווייניקער פריוואָלע, די איבריקע טראָגן א גאנץ אנדער כאראקטער. דערפאר גייט דורך אין גאנצן בוך א פרייע קריטישע באציאונג צו מענשלאכע שוואכקייטן און פאָראורטיילן, פארדאָרבנקייט און גוואלדטעטיקייט ווערן קריטיקירט, און די נאָבעלע זייטן פון דעם מענשנס נשמה ווערן ארויסגעשטעלט אלס אזעלכע, וואָס באזינגן אלערליי שטערונגען. באָקאטשיאָ לאכט אויס די צביעות'דיקייט פון די גייסטלאכע, וועלכע זיינען גענייגט, ווי אלע מענשן, צו שוואכקייטן און זינד; ער מאָלט אויך די קאָמישע און שעדלאכע זייטן פון אייגעננוץ, נארישקייט, אייפערזוכט; ער שטעמפּלט גרויזאמקייט, אָבערגלויבעריי, פאָראורטיילן פון די שטאנדן, נאכלעסיקייט פון די ריכטער; פון דער צווייטער זייט — איבערגעבענע פריינדשאפט און איבערגעבענע ליבע, פרייגעביקייט, סבלנות, שכל, שארפזין, לוסטיקייט געפינען אין אים א הייסן פארערער. די קראפט פון ליבע איז ביי באָקאטשיאָן אן אלמעכטיק געצייג, וואָס באשאפט וואונדער: אין דער דערציילונג וועגן „קימאָן און איפיגעניא" פיגורירט א ווילדער אידיאָט, וואָס מענשלט זיך אויס און, וועלנדיק געפעלן זיין געליבטער, פארפאָלקאָמט ער זיך אויף אזוי פיל, אז ער שטייגט אריבער אלע ארומיקע מיט זיינע גייסטיקע און מאָראלישע פעאיגקייטן. פאר באָקאטשיאָן איז דער מענש מיט זיינע זעלישע אייגנשאפטן אומעטום און אלעמאָל א סך וויכטיקער איידער די לאגע פון דעם דאָזיקן מענשן. „איך צי ניכער פאר א מענשן, וואָס נייטיקט זיך אין רייכקייט", — זאָגט ביי אים א רייכע כלה וועגן אן ארימען חתן, — „איידער רייכקייט, וואָס נייטיקט זיך אין א מענשן."

באָקאטשיאָ האָט באלאנגט צו יענע ניט פילע גייסטער פון דער רענעסאנס־צייט, ביי וועלכע די קריסטלאכע אמונה האָט שוין פארלוירן דאָס רעכט אויף דעם אומצווייפלבארן אמת. פון באָקאטשיאָן שטאמט דער שיינער משל מיט די דריי רינגען, וואָס אים האָט לעסינג שפּעטער אריינגעפלאָכטן אין זיין „נתן החכם" (נאטהאן דער ווייזע). א פאָטער האָט געהאט א זעלטענעם בריליאנטענעם רינג, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אים בירושה פון דור צו דור. ער האָט געהאט דריי קינדער, וועלכע ער האָט גלייך ליב געהאט. כדי קיינעם פון זיי ניט אָנצוטאָן קיין עגמת נפש, האָט ער געלאָזט נאָכמאכן צוויי אנדערע רינגען פּונקט ווי דעם אמת'ן, און האָט יעדן איינעם באזונדער איבערגעלאָזט בירושה א רינג, אָנזאָגנדיק, אז דאָס איז דער איינציקער אמת'ער ירושה־רינג. די דריי רינגען זיינען די דריי רעליגיעס: אידנטום, קריסטנטום, און

מאהעמעדאניזם. די קריסטלאכע רעליגיע האט, הייסט עס, נישט מער אמת אין זיך איידער די צוויי אנדערע.

„דעקאמעראן“, זייענדיק אין א געוויסער שטופע א סאטיריש ווערק, איז מערקווירדיק מיט דעם, וואס דא איז די סאטירע ניט קיין צארנדיקע, ניט קיין אויפגעבראכטע. הגם דאס רעכט פון די פרויען געפינט אין באקאטשיאן א פארטיידיקער, לאזט ער אבער נישט דורך קיין געלעגנהייט ארויסצושטעלן, אז אלע זאלן זען, אויך די ביטערקייט און קליינמוטיקייט פון דער פרוי. אין דעם פארפאסערס באציאונג צו זיינע העלדן קוקט עפעס אלעמאל ארויס דער געדאנק: ווען דער עלטער וואלט געדענקט, אז ער איז אויך אמאל יונג געווען, וואלט ער א סך גנעדיקער זיך פארהאלטן צו א סך זינד פון דער יוגענט.

באקאטשיא איז געווען דער גרעסטער פראזאאיקער פון זיין צייט, ער ווערט גערעכנט פאר דעם גרינדער פון דער בעלעטריסטישער פארמע. „דעקאמעראן“ האט געדינט פאר א מוסטער פאר די נאוועליסטן און דערציילער פון די שפעטערדיקע צייטן. ער האט אויך איבערגעלאזט פאר די נאכקומענדיקע דורות א טייערן פערל „פיאמעטא“, א ראמאן, וואס איז געווארן דער פראטאטיפ פון דעם מאדערנעם ראמאן. באקאטשיא איז געווען א גרויסער באאבאכטער־רעאליסט, דאס הייסט אבער ניט, אז ער איז געווען אן איינפאכער פאטאגראף. ביי אים זיינען דא פאזיטיווע אידעאלן, וואס ריכטן זיינע באאבאכטונגען. ער אינטערעסירט זיך מיט׳ן מענשן, ער פאדערט פאר אים פרייהייט פון געפיל, ער דערמונטערט אין אים העראאיזם פון פליכט, אבער די דאזיקע אינדיווידואליסטישע דאקטרינע האט קיין שייכות ניט צו רעליגיע און קירך. ער איז דאך געווען א מענש מיט א מיטלאלטערלאכן געוויסן. אויף דער עלטער האט ער אליין זיך ניט פארהאלטן מיט סבלנות צו די עבירות פון דער יוגענט. ער האט חרטה געהאט אויף זיין „דעקאמעראן“ און אנגעשראקן פון די מאנאכן, וואס האבן דאך געהאט אויף אים א שליטה, האט ער זיך פארענטפערט דערמיט, „אז ער האט דאס געמוזט אנשרייבן אויף דעם פארלאנג פון א פערזאן, וואס איז געשטאנען העכער פון אים און וועלכער ער האט געמוזט פאלגן.“ די דאזיקע פערזאן איז ווארשיינלאך געווען די קעניגין פון נעאפל, יאהאנא.

„דעקאמעראן“ איז דערשינען אין דעם יאר 1353 און איז פריי פארשפרייט געווארן איבער גאנץ איטאליען, ניט אכטנדיק אויף די אנפאלן מצד די פרומאקעס. מען האט אים דערמאלט געקאנט באקומען אין אלע ביבליאטעקן. בעת מ׳האט ערפונדן בוך־דרוקעריי איז „דעקאמעראן“ דערשינען אין א סך אויסגאבן. אבער וואס מער אויסגאבן עס זיינען דערשינען, אלץ מער האבן די מאנאכן זיך באמיט אים „אונטערצושערן“, אויסצולייטערן. אין יאר 1497, בעת דער מאנאך סאוואנאראלא האט אויפגערודערט די פלארענטינער מיט זיינע שארפע דרשות און אויף די פלאקער פייערן זיינען פארברענט געווארן א סך קונסטזאכן, איז פארלוירן געווארן א גרויסער טייל פון די זעלטענע ביכער און אויך „דעקאמעראן“. איצט זיינען די ערשטע אויסגאבן אויסערגעוויינלאך זעלטן. א סך מאל האבן זיך פארזאמלט קאמיסיעס פון געלערטע, כדי אויסצובעסערן „דעקאמעראן“. די בעסטע אויסגאבע איז געמאכט אין 1573. מ׳האט זיך אויך באמיט פון אים ארויסצונעמען די אומאנשטענדיקע ווערטער און מאנכע איינצלהייטן, אבער דאס אלץ האט צו קיין זאך ניט געבראכט, און „דעקאמעראן“ וועט זיכער קיינמאל ניט זיין קיין בוך פאר יונגע מיידלאך. נאר אין דעם עלטער, בעת מ׳קאן אלץ לייענען, איז „דעקאמעראן“ א נוצלאך בוך אויף צו לערנען די איטאליענישע שפראך, אויף צו באקענען זיך מיט די זיטן פון א געוויסן יארהונדערט און מיט מענשן פון אלע יארהונדערטער.

באקאטשיא איז געווען א שיינער, א באשיידענער, איינפאכער און סימפאטישער מענש. ער האט וועגן זיך ניט געשריען, ער האט זיך ניט רעקלאמירט, האט ניט געזוכט אויסצונעמען ביי די שטארקע פון דער וועלט. ער איז כמעט שטענדיק געווען ארים. אזוי ווי פעטרארקא, איז באקאטשיא געווען אן אינדיווידואליסט. פעטרארקאס אינדיווידואליזם איז געווען א סוביעקטיווער, באקאטשיאס — אן אביעקטיווער. זיי זיינען ביידע גרויסע אנהייבער, און ביידע האבן ארויסגעפירט פארויס די סאמע דרינגענדע פראבלעם — די באפרייאונג פון דער פערזענלאכקייט.

און וואס ווייס היינט דער דורכשניטלאכער מענש וועגן באקאטשיאן? אז ער איז דער פארפאסער פון „דעקאמעראן“ — א בוך, וואס מען מוז לייענען בחדרי חדרים. דער דורכשניטלאכער מענש ווייס ניט, אז ער איז געווען א בארימטער געלערטער, אז ער האט איבערגעלאזט ענציקלאפעדיעס, מיסטישע פאעמען, היסטארישע טראקטאטן; אז אויף דער עלטער איז ער געווארן א גלח און האט געלערנט אין די קירכן דאנטעס „געטלאכע קאמעדיע“; אז ער האט חרטה געהאט אויף זיין „דעקאמעראן“. פאר דעם היינטיקן מענשן איז געבליבן איין קליין שטיינדעלע פון באקאטשיאס גרויסן דענקמאל — „דעקאמעראן“, א ביכל פון אומאנשטענדיקע דערציילונגען. מען לאכט זיך אויס פון זיין חרטה. ביי די היינטיקע דורות איז באקאטשיא אומשטערבלאך פאר זיין „דעקאמעראן“ . . .

# דער פויער וואס האט האלץ געקליבן

(פאבעל)

פון נחום י.

א שטורמווינט האט אויפגעהויבן זיך אין וואלד.
פארצווייפלט האבן באלד
גענומען רעדן צווישן זיך די בלעטער:
„ווי שווער עס איז צו ווערן אפגעריסן פאר דער צייט,
און זיין פארטריבן ווייט.
געוויס, איז אויך ניט זיס צו שטארבן שפעטער . . .
עס גייט דאך אבער פארט אזוי די וועלט, —
אז נאקעט ווערט אין הערבסט דער וואלד און פעלד.
פארוואס איז אבער אונז באשערט אצינד,
ווען אלעם גרינט,
צו ליגן אויף דער ערד צעשאטן,
און זיין פון אלעמען געטראטן
דערפאר נאר, וואס א ווינט
האט זיך פון אויבן
דארט ערגעץ אויפגעהויבן!
אליין דער בוים איז קוים וואס גיט נאר א וויג,
נאר מיר די ערשטע דארפן אומקומען אין קריג . . .“
— „נאראנים ציטעריקע, וואס איר זייט,“ —
באמערקט האט זיי דער פויער, וועלכער האט ניט ווייט
דערביי געקליבן האלץ, —
„איר דארפט דאך גאר צופרידן זיין און שטאלץ
מיט דעם וואס פאר דער צייט
קומט אויס אייך צו פארלירן אייער גלאנץ:
אבי דער שטאם וועט בלייבן גאנץ!“

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## 2. פּראָזע פאַר קינדער

### ד.

### היסטאָרישע געשטאַלטן און לעגענדעס (המשך)

א באַזונדער מזל צו די פאַרפאַסערס פון אידישע קינדער־ליטעראַטור האָט מ ש ה  ר ב נ ו. עס ליגן ביי מיר אויפ׳ן טיש פ י ר  ביכלאַך, וואו עס ווערט געמאַכט דער פּרוב צו „באַאַרבעטן“ פאַר אידישע קינדער די טעמען: משה. די פאַרפאַסערס פון די ביכלאַך זיינען: נ. ל ו ר י ה: מ ש ה  ר ב נ ו (ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, פּעטראָגראַד, 1917); א פ ר י ם  א ו י ע ר ב א ך: מ ש ה, באַאַרבעט לויט׳ן חומש (פאַרלאַג „אידיש“, סעריע: „פאַר אייך און אייערע קינדער“, ניו־יאָרק, 1919, געצייכנט פון ז. מאור); י ע ק ב  פ א ט: מ ש ה (פאַרלאַג „דאָס בוך“, ביאַליסטאָק, 1920); ב. א ו י ע ר ב א ך (א באַזונדער קאַפּיטל וועגן מ ש ה אין דער סעריע „מעשה׳לאַך פון אמאָל“ (פאַרלאַג י. שימינאָוויטש, וואַרשע, 1920). אין פיר פאַרשידענע און איינע פון די אַנדערע שיר ניט אָפּגעריסענע שטעט אין פּעטראָגראַד, ניו־יאָרק, ביאַליסטאָק, וואַרשע, אין פיר עקן וועלט האָבן מענשן, וואָס האָבן זיך זיכער נישט אויפגערעדט צווישן זיך, גענומען שרייבן פאַר קינדער וועגן משה. דאָס איז ניט קיין צופאַל און ניט קיין וואונדער: משה איז א טעמע, וואָס בעט זיך, ממש, מען זאָל וועגן איר שרייבן פאַר קינדער, דערהויפּט פאַר אידישע קינדער: עס זיינען דאָך מיט דער געשטאַלט פון משה פאַרבונדן אזויפיל נסים ונפלאות, אזוינע פאַנטאַסטישע געשעענישן און אזוינע אויפטוען! איז דאָך די באַשרייבונג פון זיין לעבן אליין, פון דער ערשטער רגע פון געבוירן ווערן ביז זיין געהיימניספולן טויט, אזוי רייך איז געשעענישן, אין קאָנטראַסטן און אין וואונדערלאַכע גייסטיקע גבורות! היינט זיין ראָליע אין דער געשיכטע פון דעם אידישן פאָלק און אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט! משה דער אויסלייזער פון פאָלק, משה דער געזעצגעבער! ניט אומזיסט האָט די שטראַלנדיקע און איבערמענשלאַכע געשטאַלט זיינע באַגייסטערט אזוי די קינסטלער פון פילע פעלקער און דורות און אזוי שעפעריש געמאַכט אונזער איינענע, אידישע, פאָלקס־פאַנטאַזיע.

מען האָט דעם ציקל אידישע לעגענדעס, בילדער און סימבאָלן, וואָס טראָגט דעם נאָמען „משה“, צו־ווייניק, ניט צופיל אויסגענוצט פאַר די אידישע קינדער. און אייגנטלאַך ווארט נאָך אלץ דער דאָזיקער לויטערער קוואַל, אז מען זאָל קומען און פון אים שעפּן. צווישן די פיר דערמאָנטע פאַרפאַסערס איז פאַראַן נאָר איינער — דאָס איז נ. לוריה — וואָס האָט באמת געטרונקען פון אים; די איבעריקע האָבן אים נאָר מוטנע געמאַכט.

נ. לוריה האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט און די מעגלאַכקייטן, וואָס ליגן באַהאַלטן אין דער טעמע: „משה“. ער האָט פאַרשטאַנען, אז די מעשיות און וואונדער־געשיכטן, וואָס ווערן דערציילט וועגן משה, זיינען נישט גלייך צו דעם לעגענדאַרישן מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן ארום די נעמען פון אַנדערע היסטאָרישע אָדער מיטאָלאָגישע פּערזענלאַכקייטן: די משה־לעגענדעס, ווען מען מאַכט פון זיי א ריכטיקן אויסקלייב, זיינען א ג א נ צ ע  ז א ך. זיי זיינען ניט סתם אין דער וועלט אריין פאַנטאַזיעס און בבא־מעשיות, אזוי ווי, א שטייגער, די געשיכטן פון שלמה המלך, וועלכע עס האָט אין זיין אויבן־דערמאָנטן ביכל אויסגעקליבן ר׳ מרדכי׳לע. זיי, די משה־לעגענדעס, האָבן כמעט אלע איין באַשטימטן ציל — צו ציינען אונז די „שטראַלן“, די שיינקייט פון משה׳ס גייסטיקער פּערזענלאַכקייט. דערפאַר האָט נ. לוריה ניט גלאַט אזוי איבערדערציילט אלץ, וואָס וועגט דערציילט וועגן משה׳ן. ער האָט אונז געגעבן נאָר דאָס, וואָס  ד ע ר ק ל ע ר ט  אונז משה׳ן. ער האָט פון די אַלטע אוצרות גענומען נאָר יענע דימענטן און בריליאַנטן, וואָס וואַרפן א שטיין אויף משה׳ס געזיכט, ווען זיי זיצן אין זיין קרוין. ער איז, מיט אַנדערע ווערטער, צוגעגאַנגען צו זיין אַרבעט ניט ווי א פאָלקלאָריסט און א פילאָלאָג (אזוי האָט געטאָן ר׳ מרדכי׳לע אין זיין „שלמה המלך“), נאָר ווי א קינסטלער, ד. ה. ער האָט געזוכט אונז צו געבן א בילד, וואָס איז אינעווייניק אין זיך גאַנץ און איינהייטלאַך.

און אז א קינד, וואָס קאָן שוין עפּעס פאַרשטיין, וועט דורכלייענען לוריה׳ס ביכל, וועט עס ניט נאָר אָנזעטיקן זיין פאַנטאַזיע מיט פאַרשידענע אויסטערלישע זאַכן; עס וועט אין זיך אריינגעמען א גאַנצע וועלט; עס וועט דערזען פאַר זיך א וואונדערלאַכע און באַגייסטערנדיקע  ג ע ש ט א ל ט; די געשטאַלט וועט ווערן פאַר אים א מוסטער, אַן אידעאַל: עס וועט דערפילן דאָס דערהויבענע, דאָס אייביק־מענשלאַכע, וואָס לעבט אין דעם גרעסטן און טראַגישסטן העלד פון אונזער נאַציאָנאַלן עפּאָס. באַזונדערס שאַרף און העל וועט דער יונגער לעזער עס דערפילן אין סוף, וואו עס רעדט זיך וועגן דעם טויט פון גרויסן פירער. משה שטאַרבט און גייט נישט אריבער דעם גרענעץ פון דעם צוגעזאָגטן לאַנד, פון דעם לאַנד, וואוהין ער פירט זיין פאָלק. אים איז באַשערט נאָר דער וועג, דער לאַנגער און שווערער וועג, אָבער נישט דאָס ציל. און ניט נאָר ער אליין, די גאַנצע וועלט, אפילו די „גלייכגילטיקע נאַטור“, ווי פּושקין רופט זי אָן, קאָן נישט פאַרטראָגן, דעם אומרעכט און דעם אומזין פון דעם דאָזיקן טויט: „די גרונטפעסטן פון דער וועלט זיינען פאַרציטערט געוואָרן. די זון און די לבנה האָבן זיך פון זייערע ווענט ארויסגעריסן, צום כסא הכבוד אויפגעגאַנגען און געזאָגט: אויב דו טוסט דעם זון פון עמרם זיין רעכט, שיינען מיר, אויב ניט — ווען מיר מער ניט שיינען. . .“ עפּעס א מין קאָסמישער סטרייק. נאָר עס העלפט ניט. זון און לבנה מוזן זיך אונטערגעבן; זיי האָבן נישט וואָס צו ענטפערן אויף גאָטס טענה: „טאָג און נאַכט זעט איר שלעכטס און זינד אויף דער ערד, און איר שיינט. פאַר מיין כבוד האָט איר זיך ניט אָנגענומען. פאַר׳ן כבוד פון א בשר ודם נעמט איר זיך אָן . . .“ און אז משה זאָגט צו די שטערן און מזלות: „בעט פאַר מיר רחמים.“ ענטפערן זיי אים: „איידער צו בעטן פאַר דיר, לאָמיר בעטן פאַר זיך, דען אויך אונזער הערשאַפט וועט אונטערגיין מיט דער צייט . . .“ דער טויט איז ניט די טראַגעדיע פון יחיד, נאָר פון דער גאַנצער וועלט, פון קאָסמאָס, פון אלץ, וואָס באַשטייט און — פאַרגייט . . . דעם דאָזיקן שטריך וועלן קינדער געוויס ניט פאַרשטיין, פאַר זיי עקזיסטירט נישט די פראַגע פון טויט, אָבער דאָס איז נאָר איין פאַרבייגייענדיקער שטריך. די לעגענדע קערט זיך אום צוריק צו משה׳ן. משה בעט ביי גאָט, ער זאָל אים לאָזן זיין „ווי די חיות פון פעלד, וואָס עסן גראָז און טרינקען וואַסער און זעען די שיין . . .“ ער׳איז גרייט צו זיין יהושע׳ס, זיין תלמיד׳ס, א תלמיד, אבי לעבן . . . מיר זעען משה׳ן דעם איבערמענשן, אין זיין גאַנצער  מ ע נ ש ל א כ ק י י ט. דער, וואָס האָט ארויסגערופן אונזער גרעסטע באַוואונדערונג, וועקט אויך אונזער רחמנות־געפיל. ער הערט אויף צו זיין אַן אָפּגעזונדערטער מענש און ווערט א סימבאָל פון דער גאַנצער מענשהייט, וועלכע איז, ווי ער, זיך גרייט צוצוהערן צו די וויטסטע שטימען און צום עלעמענטאַרסטן לעבנס־אינסטינקט . . .

עס איז דעם יונגן טאַלענטפולן פאַרפאַסער געוויס ניט געלונגען אויסצופירן אינגאַנצן די גרויסע און שווערע אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט: ער איז ניט געוואָרן קיין האַר

# אן איבעריקע זאך

(דערציילונג)

פון אל גוריה

ברוך האט ניט געקענט קריגן קיין ארבעט.

דוכט זיך א נארישקייט? א וואכעדיקער ענין? — ארבעט!

ביי די, וועלכע דאס אומזיסטיקע ארומקריכן אין די פאבריק־גאסן, אין די קאנטארן; דאס קלעטערן אויף די העכסטע גארנס; דאס שטיין פאר די קליינע קאנטאר־פענסטערלאך, איז אן אפטע און אומפארמיידלאכע פאסירונג, ביי אט די אלע איז דאס אבער ניט אזא וואכעדיקער ענין — דאס ניט קענען געפינען ארבעט — כאטש ס'האט, דוכט זיך, קיין פנים ניט און נאך ווייניקער האט עס ניט קיין זינען.

דער דאזיקער געפיל איז דא ביי ברוכ'ן.

ער האט אויפגעהערט זיך זען אין יענעם ליכט, אין וועלכן ער האט א לעבן לאנג געלעבט. א ליכט פון אידעען, פון האפנונגען, שטרעבונגען און וועבונגען. ער האט זיך אויפגעהערט אזוי זען, ווייל אים האט אנגעהויבן אויסווייזן זיך, אז יעדע מינוט, יעדע סעקונדע פון זיין לעבן איז זיין נשמה מיט זיין געדאנק גאר געווען פאנאנדערגעריסן אויף קליינינקע, פיל־פאכיקע ברעקלאך, וואס מיט זייערע קינאמאטאגראפישע שנעלקייטן האבן זיי פארבלענדט ד'עם אמת פון זיין לעבן אזוי, אז ער האט נאר געקענט מיינען, אז ער בריט אויס אין זיך גאט ווייס וואס פאר א גרויסע אידעען, וואס פאר א גרויסע וועבונגען.

דער איין־איינציקער אומשטאנד — די ניט איינגעגעבנקייט צו געפינען ארבעט, אויך אן אונטערשיד וועלכע — האט עס אים קלאר געמאכט, האט אים דערויף אנגעוויזן.

פונדעסטוועגן האט געטראפן ניט איינמאל, אז גייענדיק פארנאכט־צייט פון יענעם טייל שטאט, וואו די פאבריקן געפינען זיך, אן אנטווישטער; שלעפנדיק די מיד געווארענע פיס, זאל ער מיט אומצופרידנקייט טראכטן, אז ער האט ניט קיין רעכט צו פייניקן דאס הארץ און דעם מוח מיט אזא פשוט'ן וואכעדיקן ענין און צווינגען זיי צו טראגן אויף זיך די לאסט פון ארבעטסלאזיקייט.

אמת, ס'האט אויך געטראפן ניט איינמאל, ווען ער האט געהאט שטארק הנאה, וואס ער איז בעסער דער פייניקער פון זיין מוח, הארץ און געדאנק, איידער אליין פון זיי צו ווערן געפייניקט.

דערפאר, אין די לעצטע טעג, איז ער ביי זיך אין די אייגענע אויגן געווארן א לעבערלאכע איבעריקע זאך. עפעס א מענשלאזער מענש, א געשטאלטלאזער געשטאלט.

אין א מאמענט, ווען ער איז געשטאנען פאר א קליין קאנטאר־פענסטערל און געבעטן מיט זיינע אויגן און מיט'ן מויל:

— ניט מיר ארבעט, כדי איר זאלט קענען דערפאר געבן געלט, מיט וואס איך זאל קענען בפרידיקן מיינע באדערפנישן און די באדערפנישן פון מיין פרוי, וועלכע זיצט אין הויז אן אומרוהיקע, א פארביטערטע.

האט ער דערפילט דאס מענשלאזיקייט אין זיך, געזעען זיך אין די אייגענע אויגן אלס אן איבעריקע זאך.

אזוי אויך זעט ער אויס מסתמא אין די אויגן פון זיין פרוי, ווען ער קומט אהיים און דארף איר זאגן דעם באקאנטן צודריקנדיקן פזמון:

— קיין ארבעט ניט געקראגן.

ווען ער זאגט אפ אט דעם פזמון, פאר איר שוין זייער גוט באקאנטן, ווייס זי ניט וואוהין צו דרייען די אויגן, זי זאל ניט דארפן אויף אים, אויף דער איבעריקער זאך, א קוק צו טאן.

ווער ווייס, עס קען זיין זי זעט אין אים דעם הונגער־טויט, די שרעק אליין, וואס ער שטעלט זיך פאר דאס דאזיקע געמוטשעטע לעבן זאל פון אים מאכן, און אפשר ערגערס נאך. עפעס שרעקלאכעס, מורא'דיקעס וועט דאך מוזן דערפון ארויסוואקסן.

איצט, זיך אומקערנדיק אהיים פון די פאבריקן־גאסן, נאך א גאנצן טאג אומזיסטיק זוכן, האבן אט די אלע ליידן און פארדרוסן, דער גאנצער ווייטאג פון דער לאגע, זיך דורכגעטראגן דורך זיינע בלוטן מיט א הארטן שווערן נעבל ביים געדאנק, אז די דאזיקע פראגע וועגן קריגן ארבעט איז געווארן איינע פון די הויפט־פראגן, וואס ער מיט זיין גאנץ לעבן דארף פארענטפערן.

ניט קלאר, ניט גאנץ פארשטענדלאך, אבער דאך אזוי ווייטאגלאך האט וואס אזוינס פראטעסטירט אין זיין נשמה; עפעס אזא שאנדהאפטער געפיל האט אים אונטערגעזאגט, אז פון היינט אן ווערט ער צו זיך אליין א ליגנער.

די גאס, מיט וועלכער ברוך איז געגאנגען אהיים, איז געווען איינגעטונקט אין א געמיש פון נאכט, עלעקטריציטעט, גערויש פון פרויען־קליידער אויף די טראטוארן און גערויש פון טרומייטן, אויטאמאבילס אויפ'ן גאסן־ברוק.

דאס נאכטלאכע גאסן־לעבן האט פארשייט א טאנץ געטאן. טומלענדיק און רופנדיק דא שטילער, דא העכער.

ברוך האט היינט ווי צום ערשטן מאל באמערקט אט דאס דאזיקע גאסן־לעבן. עס איז אים ניט געפעלן געווארן אט דער גאנצער געטומל, וואס האט אזוי נאריש אויסגעזען אין זיינע אויגן און אזוי געגרילצט אין זיינע אויערן. אינטערעסאנט איז עס דאך געווען, ווייל ס'איז געווען פרעמד. ער איז געגאנגען אויף א פרעמדער חתונה. ער, דער פרעמדער, דער זייטיקער מחותן, ער האט נאר צוגעקוקט די פרייד פון אנדערע, געהערט די פאלשע סימפאניע פון גרויסשטאטישן לעבן און ביי זיך געטראכט, אז דאס לעבן, אזוי ווי ער האט זיך עס אויסגעמאלן אין די גימנאזיום־יארן און צוליב וועלכן ער איז אוועק איבער ווייטע וועגן און ימים, האט זיך אים ניט איינגעגעבן. די כחות זיינען שוין צעבראכן, די פארלאנגען פארריבן, די אידעאלן ווערן איינציקווייז אפגעמעקט.

דאס שטענדיקע שווערע ארבעטן, ביי וואס ער האט קיינמאל אפילו קיין געפיל ניט דערווארימט; דאס איצטיקע באזארגט זיין צו קריגן אט די דאזיקע ארבעט; דאס טראכטן וועגן אייגענעם הויז מיט אזא אנטוזעצלאך געפיל; דאס שרעקן זיך אריבערצוטרעטן די אייגענע שוועל, האט אים געמאכט פילן, ווי ער וואלט זיך געמוטשעט צווישן צוויי שווערע טריט, וואס באמיען זיך צו צעטרעטן אים און ער דרייט זיך אין די גרעסטע יסורים, ווילנדיק אויסמיידן א גיכן טויט.

ברוך האט זיך דערזען ביים ראג פון גאס, וואו ער האט געוואוינט. ער האט זיך אפגעשטעלט: צו וואס אהיים זיך איילן? די פרוי? אדער זי איז איצט שוין אין בעט, אדער זי זיצט ביים פענסטער, אויסקוקנדיק זיך די אויגן אויף אים, און אפשר גאר זיצט זי אין גאס. עטלאכע מאל, אהיימקומענדיק אין די אווענטן, האט ער זי געטראפן זיצן אין גאס, פאר'ן הויז, מיט נאך א פרוי, א שכנ'טע. ער האט געוואוסט, אז זי איז זייער שטארק פארינטערעסירט ער זאל קריגן ארבעט און

---

איבער דעם רייכן מאטעריאל, ער האט זיך געמוזט בויגן אונטער דער לאסט פון דעם געוויכטיקן, מיט זאפטן פון צענדליקער דורות אנגעטרונקענעם שטאף. אבער די פראבלעם פון דער משה־לעגענדע, ווי זי דארף ווערן אויסגענוצט פאר קינדער, האט ער געשטעלט ריכטיק — און דאס איז אליין א פארדינסט.

די שפראך פון משה רבנו איז ניט ווייניקער רייך, אבער פיל הארמאנישער ווי ר' מרדכי'לעס שפראך אין „שלמה המלך און דער אשמדאי“. גאר באזונדער מוז דערמאנט ווערן די אין אלטן סטיל אויסגעהאלטענע איבערזעצונג פון „אז ישיר“, וואס געפינט זיך אין „משה רבנו“.

אַז א טאָג איז אַוועק אָן רעזולטאַטן, האָט זי געפילט ווי די וועלט וואָלט זיך שוין פאַר איר געענדיקט, איז זי גרייט אויף דאָס ערגסטע.

ברוכ'ן האָט זיך דערמאַנט א סצענע, וואָס האָט זיך אַזוי שאַרף אָפּגעשפּילט צווישן איר און אים אין דער געגנוואַרט פון אָט דער שכנ'טע און נאָך עפּעס א פרוי. געווען איז עס אין די לעצטע טעג. אַן אָווענט, ווען ער איז אַזוי ווי איצט אַהיימגעגאַנגען. קיין אַרבעט האָט ער ניט געפונען. עס זיינען אָבער נאָך געווען גענוג האָפנונגען, גענוג אויסזיכטן, איז ער ביי זיך געווען ניט אַזוי געפאַלן, געפילן האָבן זיך אויפגעקליבן אין אים מיטליידנדע, גוטע, פאַר איר, פאַר דער פרוי זיינער.

ער וועט אַהיימקומען, האָט ער געטראַכט דאַן, וועט ער מיט איר רעדן, וועט זי טרייסטן, וועט איר געבן האָפנונגען, און זי, פון איר זייט, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, וועט אים אָפּענטפערן מיט יענער ליבע, מיט יענער געטרייקייט, מיט וואָס זי האָט אַמאָל אויפגעהויבן אַזוי פיל כח אין אים.

און צום סוף, אַז ער איז אַהיימגעקומען, געזען זי זיצן אין גאַס מיט די צוויי פרויען און געוואָלט צו איר צוגיין, האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל ווי זי זעט אים ניט, האָט אויסגעדרייט דעם פּנים צו די פרויען און מיט זיי גערעדט, ניט אומקוקנדיק זיך אויף אים.

באַלד איז צוגעקומען דער שכנ'טעס מאַן. ברוכ'ן איז מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז אָט דער, מיט די קליינע, קיילאַכדיקע אויגן, מיט די צוויי פראָנט ציין, וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן ווען ער לאַכט, צוגעבנדיק זיין פּנים אַן אומאַנגענעמען כאַראַקטער, איז אין אירע אויגן געוואָרן א הויכע פערזענלאַכקייט. ער האָט באַמערקט, אַז זי איז מקנא די שכנ'טע פאַר איר וואוילן מאַן, וואָס ווייס קיין אַנדערע זאַך ניט ווי נאָר צו אַרבעטן און צו אַרבעטן.

ברוך האָט דעמאָלט דערפילט א ווייטאָג אין האַרצן אַח א פאַרדרוס אין זיין בלוט צו איר. באַזונדערס צו אָט דעם מענשל, דעם שכן, וואָס האָט אַזוי געלאַכט מיט צופרידנקייט, מיט הנאה, אָנקוועלנדיק פון זיך אַליין.

ער איז דאַן צוריק אַוועק איבער די רווישנדע גאַסן מיט אַן אינערלאַכן פאַרלאַנג ווייט־ווייט אַוועקצוגיין פון דאַנען, אום קיינמאָל ניט אומצוקערן זיך מער. פאַר זיינע אויגן האָט זיך עפּעס אַזוי מאָדנע גענעבלט, געפילט זיך א באַשפּיגענער, א באַליידיקטער.

פאַר אים איז אין יענער נאַכט, פּונקט ווי איצטער, אויפגעשטאַנען דער געשטאַלט פון זיין פרוי. זי, די אָנשטענדיקע, די שטילסטע, שטענדיק אַזאַ פאַרליב־נעמענדע, צו אַלץ אַזאַ גלייכגילטיקע, האָפנונגספולע, ווי גיך זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז אומגליקלאַך, קוים האָט זי נאָר דערזען ווי א צווייטער טראַכט נאָר פאַר דער אַרבעט און איז באַליבט ביים בעל־הבית וואָס באַזאָרגט אים תמיד מיט אַרבעט.

איצט, קען זיין, זיצט זי אין הויז. די לעצטע צוויי אָווענטן האָט ער זי געטראָפן זיצן אין הויז. זאָל ער אַרויפגיין צו זיך אין הויז? זי וואָלט אַלצאיינס ניט געקוקט אויף זיין זייט. ער וואָלט די טיר נאָר אָנגערירט, די שוועל אַריבערגעטראָטן, וואָלט זי, ווי זי טוט דאָס נייעלאַך, באַלד צוגעגאַנגען צום וויגעלע, וואו ס'קינד שלאָפט, מיט אַן אָנשטעל ווי זי דאַרף כלומר'שט עפּעס טאָן פאַר'ן קינד, און ער, וואָס וואָלט צופרידן געווען צו הערן פון איר וועלכן עס איז פאָרוואורף איידער אַזאַ שווייגעניש, וואָלט זיך דערפילט ווי א פרעמדער, ווי א זייטיקער, ווי אַן איינגעבעטענער, אָדער ווי אַן אַריינדרינגער.

אַזוי איז דאָך געווען אויך נעכטן, אויך אייערנעכטן. ער האָט זיך שטיל אַוועקגעזעצט אין ווינקל און זי, שווייגנדיק ווי די מויער, איז צוגעגאַנגען צום בעט זיך לייגן.

געטראַכט האָט ער דאַן וועגן יענע טעג, ווען ביידע האָבן זיך אַמאָל אַזוי געגנזייטיק ליב געהאַט איינס דאָס אַנדערע און געפילט ווי אָט דאָס דאָזיקע טראַכטן פאַרמישט זיך מיט דער פאַרביטערטקייט געגן איר און געגן זיך.

דערנאָך האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זי וויינט.

---

ער האָט זי אין גאַס פאַר'ן הויז ניט געזען. אין די פענסטער איז געווען זייער ליכטיק. די פרוי איז נאָך ניט געשלאָפן. זי האָט א שמייכל געטאָן מיט די אויגן און מיט'ן מויל, ווען ער איז אַריין אין הויז. זי איז געווען בלויז שמייכל. דאָס האָט א בלענד געטאָן פאַר זיינע אויגן. א פריידיקער, א באַפרידיקנדער שמייכל איז עס דאָך געווען.

ברוך האָט געקוקט אויף איר אַן איבעראַשטער, א נייגעריקער, ווי אויף א פאַרדעכטיגער. דער דאָזיקער שמייכל האָט אים אָבער זייער צופרידן געטאָן. דאָס האָט פאַר אים געהייסן, אַז זי האָט זיך שוין באַזינען, פאַרשטאַנען, אַז ער איז גאָר ניט שולדיק וואָס אַנדערע אַרבעטן יאָ און ער געפינט קיין אַרבעט ניט, וואָס אַנדערע קענען זיך אונטערוואַרפן דער שקלאַפעריי צום בעל־הבית, כדי אייביק צו האָבן אַרבעט, און ער קען דאָס ניט. און ס'האָט זיך ברוכ'ן איצטער דווקא געוואָלט זאָגן איר בשורות, איינע נאָך דער אַנדערער גוטע בשורות, כדי זי זאָל זיך מערער נאָך פרייען. האָט ער דאָך אַלע מאָל געוואָלט זי זאָל זיין צופרידן, זי זאָל לאַכן, זי זאָל ניט דאַרפן מקנא זיין.

ער האָט געקוקט אויף איר, ער האָט געקוקט אויף איר קליידל, געקוקט אויף איר אינגאַנצן, געפילט, אַז אויך איר קערפּער פרייט זיך עפּעס. ער האָט אַליין אויך א שמייכל געטאָן, מיט טרערן אין די אויגן א שמייכל געטאָן און אַרויפגעלייגט א ליבענדע האַנט אויף אירע פּלייצעס.

— איך גיי מאָרגן אַרבעטן, — האָט זי אים, אַלס ענטפער אויף דעם, מודיע געווען און געשמייכלט.

ניט קיין פאַרדרוס, ניט קיין פאָרוואורף, ניט קיין בריה'שקייט האָט זיך געפילט אין איר טאָן.

— דער שכן האָט מיר געשאַפט אַרבעט אין זיין שאַפּ.

ברוך האָט אַראָפּגענומען די האַנט פון איר. מיט א פאַרסמ'ט האַרץ איז ער אַריין אין אַן אַנדערן צימער.

זי האָט אים געלאָזט גיין און גענומען גרייט מאַכן זיך אויף מאָרגן.

## פון מאָנאַט צו מאָנאַט

(שלוס פון זייט 4)

אָפּיס, גענוי זיך באַקאָנען מיט די אומשטענדן, מיט די באַדינגונגען און איבערצייגן זיך, אַז פאַקטיש איז נישט גערירט געוואָרן קיין איין גרונטשטיין פון די פרינציפּן פון אונזער אָרדן. אַלץ רעדוצירט זיך צו ריין־טעכנישע אַנגעלעגנהייטן.

צו וואָס איילעניש און אויבערפלעכלאַכקייט קען אַלץ ברענגען!

* * *

**די נייע אָרטאָגראַפיע**

מיר האָבן געקראָגן פאַרשידענע בריף פון „פריינד“־לעזער וועגן דער נייער אָרטאָגראַפיע, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן איינצופירן מיט'ן לעצטן נומער „פריינד“. אַנדערע לויבן אונז פאַר דעם געוואַגטן טריט און אַנדערע, פאַרקערט, פאַלן אָן אויף דער רעדאַקציע. עס איז אונז אוממעגלאַך אָפּצודרוקן די אַלע בריף. זיי וואָלטן פאַרנומען א באַדייטנדן פּלאַץ פון דעם „פריינד“. מיר וועלן דעריבער דאָ נאָר עטוואָס קלאָרער מאַכן אום וואָס דאָ האַנדלט זיך. דער פרינציפּ פון דער נייער אָרטאָגראַפיע איז צו שרייבן פּונקט אַזוי ווי מ'רעדט. עס ווערן דעריבער אַרויסגעלאָזט אַלע שטומע קלאַנגען, וואָס האָבן קיין באַדייטונג נישט פאַר'ן וואָרט. געוואוינטלאַך קומט עס אויס, אין אָנהייב, פאַר דעם אויג פרעמד, רעוואָלטירנד, אַקוראַט ווי דאָס וואָלט געווען א פרעמדער לשון. דאָס איז אָבער נאָר אין אָנהייב. שפּעטער געוואוינט מען זיך צו צו דעם און דערנאָך וואונדערט מען זיך ווי אַזוי מענטשן קענען דאָס גאָר שרייבן אַנדערש.

די נייע אָרטאָגראַפיע איז שוין איינגעפירט אין גאַנץ רוסלאַנד, ווייס־רוסלאַנד, אוקראַינע, רומעניע, גאַליציע און טיילווייז אויך אין ליטע און פּוילן. דער, וועלכער קען ווייניק אידיש שרייבן, וועט מאַכן, ניט אין אַן ערך, ווייניקער טעות'ן, ווי ער האָט געמאַכט ביז יעצט, אויב ער וועט אָנווענדן דעם איינפאַכן, אויבנאָנגעוויזענע כלל. מיר וועלן אין איינעם פון אונזערע נעקסטע נומערן געבן וועגן דעם א ספּעציעלן גרינטלאַכן אַרטיקל.

# איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט

## אַ קורצע דערקלערונג

פון ל. באָראָדולין

.4

אין אַ פאָרטראַג, וואָס ער האָט געהאַלטן ענדע יאַנואַר פון דעם איצטיקן יאָר 1921 פאַר דער פּרייסישער וויסנשאַפטלאַכער אַקאַדעמיע אין בערלין, האָט פּראָפ. אַלבערט איינשטיין אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז דער יוניווערז איז אַ באַגרענעצטער. איך וויל דאָ באַטראַכטן, וואָס מיינט, אַז די וועלט, אָדער דער יוניווערז, איז באַגרענעצט און ווי אַזוי דאָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן.

עס זיינען פאַראַן צוויי ווערטער, וועלכע ווערן אָפט צוזאַמענגעמישט צווישן זיך, אָבער וועלכע דריקן אין דער ווירקלאַכקייט אויס צוויי גאַנץ פאַרשידענע באַגריפן. דאָס זיינען: „יוניווערז" און „וועלט־רוים". דאָס ערשטע וואָרט באַדייט די וועלט פון שטערן, און דאָס צווייטע וואָרט באַדייט יענע אומענדלאַכע לערקייט, איבער וועלכע די שטערן טראָגן זיך. און דאָ שטעלט זיך די פראַגע: איז די וועלט, דער יוניווערז, די וועלט פון שטערן באַגרענעצט, אָדער ניט? ווען איינער זאָל זיך אַריינזעצן אין אַ מאַשין, וואָס קאָן זיך טראָגן אין וועלט־רוים מיט אַן אומענדלאַכער שנעלקייט, מיט דער שנעלקייט פון פילע ביליאָנען מייל אַ סעקונדע, וועט ער פליענדיק באַגעגענען אַלץ נייע און נייע שטערן. אָבער ווען ער זאָל אַזוי אָפּפליען פילע מיליאָנען יאָרן וועט ער ענדלאַך קומען אין אַזאַ טייל פון וועלט־רוים, וואו קיין שטערן זיינען ניטאָ, אָדער שטערן וועט ער באַגעגענען ווי ווייט און ווי לאַנג ער זאָל ניט פליען, אַפילו ביז דער אומענדלאַכקייט פון דער צייט?

און אָט אין דעם באַשטייט די פראַגע פון דער ענדלאַכקייט אָדער אומענדלאַכקייט פון דעם יוניווערז.

ביז איצטער האָט מען געגלויבט, אַז דער יוניווערז איז אומבאַגרענעצט, אַז צו דער וועלט פון שטערן איז ניטאָ קיין אָנהייב און ניט קיין סוף. און געגלויבט האָט מען אַזוי ערשטנס דערפאַר, ווייל מען האָט זיך עס אַנדערש ניט געקענט פאָרשטעלן; און, צווייטנס, דערפאַר, ווייל וואָס מער עס האָבן זיך אַנטוויקלט די אַסטראָנאָמישע אינסטרומענטן, אַלץ ווייטערע און ווייטערע שטערן האָט מען אַנטדעקט. און איצטער קומט איינשטיין און, אַרויסגייענדיק פון זיין טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט, באַהויפּטעט ער, אַז עס איז מעגלאַך, אַז דער יוניווערז איז אַ באַגרענעצטער. זיכער איז ער אין דעם ניט, ער דערלאָזט אָבער די מעגלאַכקייט, אַז אַזוי סען זיין.

לאָמיר עס באַטראַכטן גרינדלאַכער.

די אַנטשטייאונג פון דער ערד, די זון און די אַלע איבריקע הימלישע קערפּערס שטעלט מען זיך פאָר אַזוי: איבער דעם וועלט־רוים טראָגן זיך אַרום אומענדלאַך קליינע שטיקלאַך מאַטעריע. די דאָזיקע טיילכעלאַך מאַטעריע באַזיצן צוויי אויסגעשפּראָכענע אייגנשאַפטן: ערשטנס, האַלטן זיי זיך שטענדיק אין באַוועגן, און, צווייטנס, באַזיצן זיי די קראַפט פון צוציאונג. ווען צוויי אַזעלכע שטיקעלאַך מאַטעריע, אין זייער באַוועגונג, קומען צופעליגערווייז אין אַ דירעקטער אָנרירונג איינער צום צווייטן, ציען זיי זיך צו איינער צום צווייטן און פאַראייניקן זיך. די קראַפט פון צוציאונג פון אָט די צוויי פאַראייניקטע שטיקלאַך מאַטעריע איז דאָפּעלט ווי די צוציאונגס־קראַפט פון איין שטיקל מאַטעריע, און זיי לאָזן ניט דורך קיין געלעגנהייט צוצוציען צו זיך אַ דריטן שטיקל מאַטעריע. די דריי פאַראייניקטע שטיקלאַך מאַטעריע ציען צו צו זיך אַ פערטן שטיקל, דערנאָך אַ פינפטן שטיקל א. אַז. וו., און אין אַ משך פון צייט פאַרזאַמלען זיך דאָ אַלץ מער און מער שטיקלאַך מאַטעריע אין איין גרופּע, אין איין אייניאַרטיקער מאַסע, וועלכע וואַקסט אין איר גרויס און דערגרייכט צענדליקער טויזענטער, און מיליאָנען מייל די דיק. פריער געפינט זיך עס אין אַ צעהיצטן, אַנגעגליטן צושטאַנד און שטעלט מיט זיך פאָר אַזאַ הימלישן קערפּער, ווי אונזער זון. אָבער מיט דער צייט קילט עס זיך אָפּ און פאַרוואַנדלט זיך אין אַזאַ קאַלטן הימלישן קערפּער ווי אונזער ערד און די אַנדערע פּלאַנעטן.

אַז אָט די טעאָריע וועגן דער אָפּשטאַמונג פון די הימלישע קערפּערס איז אַ ריכטיקע אויף וויפיל אַ וויסנשאַפטלאַכע טעאָריע קען בכלל זיין אַ ריכטיקע, ווערט דערוויזן דורך אַ ריי פיזישע געזעצן, דורך לאַבאָראַטאָרישע עקספּערימענטן און דורך אַסטראָנאָמישע באַאָבאַכטונגען. און אויב אָט די טעאָריע וועגן דער אַנטשטייאונג פון די הימלישע קערפּערס איז אַ ריכטיקע, דאַרפן מיר אָננעמען, אַז דער וועלט־רוים, ד. ה. יענע אומענדלאַכע „לערקייט", איבער וועלכע די שטערן טראָגן זיך, איז ניט קיין ליידיקע, נאָר באַשטייט פון מאַטעריע.

צו דעם באַשלוס, אַז דער וועלט־רוים איז ניט קיין ליידיקער, נאָר באַשטייט פון מאַטעריע, קומען מיר אויך דורך אַן אַנדער וועג. די טעאָריע וועגן ליכט לערנט אונז, אַז ליכט־שטראַלן זיינען אַ פאָרמע פון כוואַליעס. מען איז אַזוי זיכער, אַז די ליכט־שטראַלן זיינען כוואַליעס, אַז מען האָט זאָגאַר אָפּגעמאָסטן די שנעלקייט, מיט וועלכער זיי באַוועגן זיך, און די גרויס פון יעדן מין כוואַליעס באַזונדער, וואָס שאַפן די פאַרשידענע קאָלירן פון ליכט. אויב ליכט־שטראַלן זיינען כוואַליעס, מוז עס זיין כוואַליעס פון עפּעס. מען קען זיך דאָך ניט פאָרשטעלן כוואַליעס פון גאָרניט. און דעריבער איז אין דער וויסנשאַפט אָנגענומען, אַז די שטראַלן פון ליכט זיינען די באַוועגלאַכע כוואַליעס פון אַזאַ זייער דינעם און זייער שיטערן מאַטעריאַל, וועלכן מען האָט אָנגערופן „עטהער". און אַזוי ווי מיר זעען די זון, הייסט עס, אַז דער שטח צווישן דער זון און דער ערד איז ניט קיין ליידיקער, נאָר באַשטייט פון עטהער, אַנדערש וואָלטן דאָך קיין עטהער־כוואַליעס ניט געווען און מיר וואָלטן די זון ניט געזעען. צו דער זעלבער צייט זעען מיר דאָך אויך אַזעלכע ווייטע שטערן, וואָס פילע פון זיי זיינען ביליאָנען מיילן ווייט פון אונז. הייסט עס דאָך, אַז דער וועלט־רוים, איבער וועלכן די שטערן טראָגן זיך אַרום, איז ניט קיין ליידיקער, נאָר ער באַשטייט פון עטהער, און עטהער איז מאַטעריע, כאָטש אין אַ זייער דינעם און שיטערן צושטאַנד, ווייל אַנדערש וואָלטן מיר די ווייטע שטערן ניט געזען.

אַלזאָ — דער וועלט־רוים איז ניט קיין ליידיקער, נאָר באַשטייט פון מאַטעריע, און די מאַטעריע באַזיצט די צוויי אייגנשאַפטן, וואָס עס האַלט זיך שטענדיק אין באַוועגן און איין טיילכל ציט אַ צווייטן, און דעריבער פאַראייניקן זיך די טיילכעלאַך מאַטעריע אין הימלישע קערפּערס פון פאַרשידענער גרויס.

און איצטער קען מען שטעלן אַזאַ פראַגע: דאָס, וואָס מיר האָבן נאָר־וואָס געזאָגט וועגן דעם וועלט־רוים, — אַז ער באַשטייט פון מאַטעריע, וועלכע באַזיצט די צוויי אויבנדערמאָנטע אייגנשאַפטן — באַציט זיך צו דעם גאַנצן וועלט־רוים, אָדער נאָר צו זיינעם אַ טייל? עס קען דאָך זיין, אַז נאָר יענער קליינינקער טייל, יענע ווינקעלע פון רוים, וואו עס געפינט זיך אונזער זונען־סיסטעם מיט די מיריאַדן שטערן, וועלכע מיר זעען, איז אָנגעפילט, אָדער באַשטייט פון מאַטעריע, און די איבריקע טיילן פון רוים זאָלן זיין אַבסאָלוט ליידיק. אויב עס וואָלט געווען אַזוי, וואָלט געווען פאַרשטענדלאַך אַז דער יוניווערז, די וועלט פון שטערן, איז באַגרענעצט. האָבן מיר אָבער קיין גרונד ניט צו דענקן אַז עס זאָל זיין אַזוי. פאַרקערט — אַלע מעגלאַכע באַווייזן זיינער דערפאַר, אַז דער גאַנצער וועלט־רוים באַשטייט פון מאַטעריע, און דעריבער איז ניטאָ קיין גרונד צו רעכענען, אַז דער יוניווערז איז אַ באַגרענעצטער.

דאָס אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן, שטרעבט ניט

צו דערווייזן, אז איינשטיין איז גערעכט אָדער אומגערעכט; אַלץ, וואָס איך האָב דאָ נאָר געוואָלט טאָן, איז דערקלערן, וואָס עס באַדייט דער אויסדרוק, אז די וועלט איז באַגרענעצט. און מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אז איינשטיין אַליין באַהויפּטעט אויך ניט, אז די וועלט איז באַגרענעצט. ער דערלאָזט נאָר דעם געדאַנק, אז אַזאַ זאַך זאָל מעגלאַך זיין. אָבער ביי דעם איצטיקן צושטאַנד פון וויסן און מיט דער הילף פון די איצטיקע וויסנשאַפטלאַכע אינסטרומענטן און אַפּאַראַטען קאָן מען עס נאָך ניט דערווייזן.

## שלום

ווען מען זאָל וועלן אונטערפירן אַן אונטערשטע שורה צו דעם, וואָס פראָפ. איינשטיין האָט ביז איצטער אויפגעטאָן און וואָס ס'האָט גרויס געמאַכט זיין נאָמען, וועלן מיר האָבן פאָלגנדעס:

איינשטיין האָט בעגרינדעט אַ נייע לערע, אַ נייע וויסנשאַפטלאַכע טעאָריע, וואָס איז באַוואוסט אַלס די „טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט". די טעאָריע שטרעבט צו דערווייזן, אַז די דערשיינונגען אין דער נאַטור זיינען ניט קיין אַבסאָלוטע, נאָר רעלאַטיווע. אַ מאַן, וואָס שפּאַצירט אַרום איבער אַ שווימענדער שיף, באַוועגט זיך מיט אַזאַ־און־אַזאַ שנעלקייט נאָר אין באַצוג צו דער שיף; אין באַצוג צו דער ערד וועט זיין באַוועגונג זיין אַן אַנדערע און אין באַצוג צו דער זונען־סיסטעם וועט זיין באַוועגונג זיין ווידער אַן אַנדערע. דאָס זיינען אַלץ רעלאַטיווע באַוועגונגען, און ניט קיין אַבסאָלוטע. זיין אַבסאָלוטע באַוועגונג קענען מיר ניט אויסרעכענען, ווייל מיר ווייסן ניט וועגן אַ זאַך אין נאַטור וואָס זאָל שטיין אויף איין אָרט און מיט וועלכער מיר זאָלן די באַוועגונגען פון דעם מאַן קענען פאַרגלייכן.

די טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט איז אַנטשטאַנען פון דעם, וואָס איינשטיין האָט זיך אַרומגעזען, אַז די אַלע מיטלען פון מעסטן, וועגן און אויסרעכענען, מיט וועלכע מיר האָבן זיך ביז איצטער באַנוצט, זיינען ניט גענוגענד און ניט צופרידנשטעלנד, און מיר ווילן שטודירן די גאַנצע נאַטור מיט אַלע אירע קאָסמישע, יוניווערסאַלע געזעצן. די אַלע „געזעצן פון נאַטור", וואָס זיינען פאַרצייכנט אין אונזערע טעקס־ביכער, זיינען ניט קיין ווירקלאַכע געזעצן פון דער נאַטור, נאָר גיכער רעלאַטיווע, לאָקאַלע כללים. ווען מיר זאָלן אַ געוויסע מאָס פון וואַסערשטאָף פאַרייניקן מיט אַ געוויסער מאָס פון זויערשטאָף און ברענגען אָט די מישונג אין באַרירונג מיט אַ פונק, וועט עס זיך פאַרוואַנדלען אין פליסיקע וואַסער. דאָס איז אַ כעמישער געזעץ. מיר קענען עס אָבער ניט אָנרופן אַ געזעץ פון נאַטור, ווייל מיר ווייסן ניט צי די זעלבע דערשיינונג וואָלט געקענט פאָרקומען ערגעץ אויף יופּיטער, אויף סאַטורן, אָדער אויף דעם שטערן „בעטלגוז". אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן געגלויבט, אויפ'ן גרונד פון געוויסע געזעצן פון פיזיק, אַז אַ שטראַל פון ליכט באַוועגט זיך שטענדיק אין אַ גלייכער ליניע, האָבן מיר געקענט גלויבן, אַז מיר ווייסן די ווייטקייט פון ווייטע שטערן. אָבער נאָך דעם ווי עס איז דערוויזן געוואָרן, אַז שטראַלן פון ליכט, וואָס קומען צו אונז פון ווייטע שטערן, ביינגן זיך אויס, ווען זיי גייען פאַרביי אַנדערע שטערן, האָבן מיר די זיכערקייט פאַרלאָרן; מיר קענען שוין איצטער ניט זיין זיכער אין דעם, ווי ווייט אַ געוויסער שטערן איז פון אונז.

די עלעמענטן, פון וועלכע עס באַשטייט איינשטיינס טעאָריע, זיינען ניט קיין נייע. מען האָט פריער אויך גערעדט וועגן דעם, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין אַבסאָלוטעס, אַז אַלץ איז רעלאַטיוו. אָבער פריער זיינען עס געווען נאָר מעטאַפיזישע, ניט באַגרינדעטע ספּעקולאַציעס. און איינשטיינס פאַרדינסטן אין דער וויסנשאַפט באַשטייען אין דעם, וואָס ער האָט עס מאַטעמאַטיש און וויסנשאַפטלאַך באַגרינדעט. אין דעם הינזיכט קאָן מען אים פאַרגלייכן מיט פילע אַנדערע שאַפער פון עפּאָכע־מאַכנדע טעאָריעס. קאָפּערניקוס רעכנט זיך אַלס דער באַגרינדער פון דער טעאָריע פון אונזער זונען־סיסטעם. דער געדאַנק אַליין איז שוין דאַן ניט געווען קיין נייער, אָבער קאָפּערניקוס האָט דעם געדאַנק וויסנשאַפטלאַך באַגרינדעט. אַז זאַכן ציען צו איינער דעם צווייטן האָט מען געוואוסט נאָך פאַר ניוטאָנען, אָבער ניוטאָן איז געווען דער געניוס, וואָס האָט עס וויסנשאַפטלאַך באַגרינדעט און דעריבער ווערט ניוטאָן פאַררעכנט אַלס דער גרינדער פון דער טעאָריע פון גראַוויטאַציע. דאָס זעלבע איז אויך מיט דאַרווינען, דעם גרינדער פון דער טעאָריע פון עוואָלוציע, און דאָס זעלבע איז אויך מיט פילע אַנדערע גרינדער און באַגרינדער פון נייע טעאָריעס, און דאָס זעלבע איז אויך מיט איינשטיינען.

איצטער איז איינשטיין באַוואוסט און פּאָפּולער הויפּטזעכלאַך צוליב דער סענסאַציע, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט. אָבער זיין ריכטיקע ווערט וועט מען אָנהייבן אָפּצושאַצן ערשט אין עטלאַכע צענדליק יאָר אַרום.

# טובערקולאָזיס—אַ היילבאַרע קראַנקהייט

פון דר. ס. לובין

די מעדיצינישע וויסנשאַפט האָט שוין לאַנג פעסטגעשטעלט אַלס פאַקט, אַז לונגען־טובערקולאָזיס (קאָנסאָמפּשן) איז היילבאַר. די אויסנאַמס־פאַלן וואַרפן ניט אום דעם כלל. די סטאַטיסטיקס פון דער „ניו־יאָרק באָרד אָף העלט", ווי אויך פון אַנדערע שטעט און שטאַטן, ציינן גאַנץ באַשטימט, אַז די שטערבלאַכקייט פון טובערקולאָזיס האָט זיך באַדייטענד פאַרקלענערט אין די לעצטע עטלאַכע צענדליק יאָר, און דאָס די ראַזיקע פאַרקלענערונג קומט פאָר שטענדיק פון יאָר צו יאָר.

זאָגאַר דער ברייטער עולם הייבט שוין אָן מערקן, אַז די דאָזיקע קראַנקהייט איז איצט ניט אַזוי שרעקלאַך ווי מיט יאָרן צוריק, און ווי פילע שטעלן זיך עס נאָך איצט פאָר. פיל ווייסן פון טובערקולאָזע קראַנקע, וועמען עס האָט געלונגען די קראַנקהייט אויסצוקורירן.

אויך איז היינט ניט דער פאַל ווי מיט יאָרן צוריק, ווען גאַנצע פאַמיליען פלעגן אומקומען פון דער קראַנקהייט. ווען איין מיטגליד אין אַ פאַמיליע ווערט קראַנק אויף טובערקולאָזיס, מוזן ניט אַלע איבעריקע מיטגלידער קראַנק ווערן פון דערזעלבער קראַנקהייט; דאָס קען באַשטימט אויסגעמידן ווערן.

צו די דערמאָנטע רעזולטאַטן איז מען געקומען דורך אַ בעסערער פאַרשטענדיגונג וועגן די אורזאַכן פון דער קראַנקהייט, וועגן די מיטלען ווי עס צו היילן, און הויפּטזעכלאַך, ווי צו פאַרמיידן די פאַרשפּרייטונג פון דער קראַנקהייט. און וואָס טיפער צווישן עולם די דאָזיקע פאַרשטענדיגונג וועט זיין פאַרשפּרייט, אַלץ ווירקזאַמער וועט זיין דער קאַמף געגן דער קראַנקהייט, אַלץ גלענצענדער די רעזולטאַטן.

דער ווירקזאַמסטער מיטל אין קאַמף מיט טובערקולאָזיס איז צו פאַרמיידן די פ אַ ר ש פּ ר ײ ט ו נ ג פון דער קראַנקהייט.

קינדער זאָלן זיך ווי ווייט מעגלאַך ניט געפינען אין דער געזעלשאַפט פון טובערקולאָזע. האָבנדיק אַ גאַנץ שוואַכע ווידערשטאַנדס־קראַפט, ווערן קינדער פיל שנעלער אָנגעשטעקט פון דער קראַנקהייט איידער דערוואַקסענע.

די באַצילן, וועלכע פאַראורזאַכן טובערקולאָזיס, האָבן שטאַרק מורא פאַר זונען־שיין און פרישע לופט; טאָ מוז מען זיי געבן וואָס מער פון דעם מין. מען מוז אויסמיידן צימערן אָן פענסטער, פאַרברענגען ווייניגער אין די פאַרשטיקטע מאָווינג־פּיקטשור פּלעצער און מער אויף דער פרייער לופט.

פאַראַן מענשן, וועלכע זיינען פיזיש גוט אַנטוויקלט, פירן אַ נאָרמאַלן לעבן, קריגן גענוג נאַרונג און זיינען ניט אימער פאַרהאָרעוועט, האָבען די באַצילן שטאַרק אָפּשיי; זיי שטייען איינפאַך ניט צו צו זיי; פאַרשטייט איר דאָך שוין וואָס צו טאָן.

ווען אימיצער ווערט קראַנק אויף טובערקולאָזיס איז וויכטיג וואָס אַם שנעלסטן דאָס פעסטצושטעלן. אמת, עס זיינען דאָ אויסנאַמס־פאַלן, ווען די בעסטע גאַנץ פרי אָנגעווענדעטע מיטלען האָבן ניט די געווינשטע ווירקונג. עס גיבען אויך פיל מערערע פאַלן, ווען זאָגאַר אונטער שלעכטע אומשטענדן ווערט

די קראַנקהייט אויסגעהיילט. דאָך, אין דער גרעסטער מערהייט פון פאַלן, ווערן די בעסטע רעזולטאַטן מיט ווייניגער אָנשטרענגונג דערגרייכט, ווען די קראַנקהייט ווערט פרי דערקענט און די נייטיקע מיטלען זאָפאָרט אָנגעווענדט.

טובערקולאָזיס איז מערסטנס פאַרשפּרייט צווישן די אָרימע און צווישן די אומוויסנדע. צו היילן און פאַרמיידן טובערקולאָזיס פאָדערט זיך אינטעליגענץ און פינאַנציעלע מיטלען. און דעריבער איז עס ניט נאָר אַ מעדיצינישע, נאָר אויך אַ סאָציאַלע פראַגע. דער כלל מוז דאָ העלפן דעם יחיד קעמפן געגן דעם אַלגעמיינעם שונא.

געמיינשאַפטן (ווי די שטאַט און שטאַט ניו־יאָרק טוען עס) קענען און מוזן פיל אופטאָן אויף דעם געביט.

פּריוואַט־אָרגאַניזאַציעס קענען אויך זעהר פיל אויפטאָן פאַר זייערע מיטגלידער. אַלס ביישפּיל קען געגעבען ווערן טאַקע אונזער „אַרבייטער רינג“ מיט זיין וואונדערבאַרן סאַניטאַריום אין ליבערטי, וועלכער זאָל דינען אַלס „עמוד האש“, אַלס וועגווייזער פאַר אַלע קערפּערשאַפטן, צו וועלכען זיי זאָלן שטרעבן. אָבער אויך קלענערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קענען ניט דערגרייכן צו האָבן אייגענע סאַניטאַריומס, קענען פיל אויפטאָן פאַר זייערע מיטגלידער, ווען זיי זאָלן האָבן אַ וועג (לאָמיר זאָגען, דורך אַ שטענדיקער גוט־אינפאָרמירטער קאָמיטע אַן טובערקולאָזיס) ווי צו לאָזן וויסן זייערע קראַנקע מיטגלידער וועגן דער נאַטור פון דער קראַנקהייט טובערקולאָזיס, און אויך ווי אַם בעסטן אויסנוצן די מיטלען, וועלכע דער קראַנקער פאַרמאָגט, און מיט וועלכע די שטאָט אָדער זיין געזעלשאַפט פאַרזאָרגט אים.

# וואָס דער אַרבעטער־רינג דאַרף זיין

(געדאַנקען פון אַ נייַ אַריבערגעקומענעם)

פון מ. יעלין

אָכציק טויזנט אידישע אַרבעטער פאַראייניקט אין איין מעכטיקער אָרגאַניזאַציע . . . אין איין פעסטן אַרבעטער־רינג . . .

— וואָס טוט אויף דער אַרבעטער־רינג, וואָס פאַרמאָגט ער?

— אַ קאָלאָסאַלן קאַפּיטאַל;

אַ מוסטער סאַניטאַריום;

העלפט די קראַנקע מיטגלידער אין צייט פון נויט;

גיט אַרויס אַ חודש'דיקן זשורנאַל;

פאַרשפּרייט אַ נעץ פון אידישע שולן איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און קענעדע;

האָט געגרינדעט אַ זשורנאַל פאַר אידישע קינדער, און קלערט וועגן בויען אַ לערער־אינסטיטוט.

איינציקווייז, פון צייט צו צייט, אָפּגעריסן, אָן אַ סדר און צוזאַמענהאַנג פלעגן מיר באַקומען אָט די ידיעות אין דער אַלטער היים, אין דער ווייטער, נאָענטער פוילן.

די זעלבע צייטונג, וואָס פלעגט אונז דערציילן וועגן טויזנטער אומגעבראַכטע לעבנס, וועגן צענדליקער צעשטערטע קהלות אין אוקראַינע, פלעגט אויך דערציילן, אַז דער אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע ציילט שוין אין זיינע רייען אַכט צענדליק טויזנט אידישע אַרבעטער.

אין דערזעלבער צייט, ווען פון איין זייט פלעגן מיר באַקומען אַ ידיעה, אַז די אידישע קולטורעלע אויטאָנאָמיע ווערט אָפּגעשאַפט, פלעגט אַ צווייטע אונז דערציילן וועגן אַ נעץ אידישע שולן, וואָס ווערט פאַרשפּרייט דורכ'ן אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע.

די געפילן, וואָס די ידיעות פלעגן ביי אונז אַרויסרופן, זיינען געווען פאַרשידן. און איין זייט: פּיין, ענוים און צער פאַר אַן אונטערגייענדיקן אידישן לעבן, אָפּגעריסענע בלומען, אָפּגעהאַקטע צווייגן, אַרויסגעריסענע וואָרצלען. פון דער אַנדער זייט: אַ צאַפּלדיקער פרייד־געפיל, אַ זיסע האָפענונג פאַר אַ נייַ־אויפגייענדיקן לעבן, פאַר פריש־געזעצטע פלאַנצונגען, וואָס הייבן זיך אָן פאַנאַנדערבליען.

און מיר האָבן געטראַכט: דאָס אידישע לעבן, וואָס גייט אונטער אין איין אָרט, בליט אויף אין אַ צווייטן; דער צענטער ווערט איבערגערוקט . . . און דער סימבאָל פון נייַ־אויפגייענדיקן אידישן לעבן איז דער אַרבעטער־רינג, די מעכטיקע אָרגאַניזאַציע פון אידישן אַרבעטער, דעם איינציקן געזונטן אידישן קלאַס, וואָס איז פעיאיק צו שאַפן און בויען אַ נייַ לעבן.

און הייליק איז פאַר אונז געוואָרן דער אַרבעטער־רינג, הייליק ווי אַ סימבאָל . . .

דאָ אין אַמעריקע, דאָרט וואו דער אַרבעטער־רינג שאַפט און בויט, פירט אָן זיין טאָג־טעגלאַכע אַרבעט, האָט זיך ווי צעשוואומען דער רעיון פון אַ סימבאָל, איז צעגאַנגען דער געפיל פון קדושה, ווייל ס'איז ניטאָ קיין אָרט פאַר קדושה אין דער טאָג־טעגלאַכער, וואָכעדיקער אַרבעט. ס'איז אפשר אויך אַ ביסל געמינערט געוואָרן דער געפיל פון מעכטיקייט און גרויסקייט, ווייל אַזאַ געפיל קען זיין גאַנץ, נאָר ווען דו שטייסט ווייט פון מעכטיקן בנין, פון דער נאָענט ווערט דער געפיל געשטערט . . .

יאָ, ניט דעם אַרבעטער־רינגס שולד איז דאָס אפשר . . .

אַ גרויסן מעכטיקן בנין מוז מען באַטראַכטן פון דערווייטנס, און פאַר אַ סימבאָל קען מען ניט אָננעמען קיין זאַך, וואָס מ'שטויסט זיך אָן מיט דעם אין טאָג־טעגלאַכן לעבן.

דער אידישער אַרבעטער אין אַמעריקע מעג טאַקע אַמאָל באַטראַכטן זיין מעכטיקע אָרגאַניזאַציע פון דערווייטנס, אַ קוק טאָן אויף איר פון דער פּערספּעקטיוו; זי וועט אים אפשר רעמאָלט אויסווייזן נאָך מעכטיקער און גרעסער, ווי ער שטעלט זיך עס פאָר; זי וועט פאַר אים ווערן נאָך אפשר טייערער און הייליקער; און דער עיקר: ער וועט אפשר דערזען די גרויסע אומבאַגרענעצטע מאַכט, די אומבאַגרענעצטע מעגלאַכקייטן, וואָס ליגן אין איר פאַרבאַהאַלטן, מעגלאַכקייטן וואָס קענען וואונדער באַשאַפן . . .

ווען מ'קלערט פון אַ נייעם אידישן צענטער, פון אַ נייעם אידישן לעבן אין דער נייער וועלט, מוז זיך דער ערשטער געדאַנק אָפּשטעלן אויפ'ן אַרבעטער־רינג, אויף דער אָרגאַניזאַציע, וואו עס איז פאַרטראָטן די גרעסטע צאָל פון דער אָרגאַניזירטער אַמעריקאַנער אידישער אַרבעטערשאַפט.

ביז איצט האָט דער אַרבעטער־רינג דורכגעמאַכט נאָר דעם ערשטן קאַפּיטל פון זיין געשיכטע. דעם עיקר פון זיין טעטיקייט האָט ער נאָך פאַר זיך. דער אַרבעטער־רינג מוז ווערן דער רוקן־ביין פון דעם נייעם אידישן לעבן . . .

דעריבער דאַרף דער אידישער אַרבעטער אַראָפּוואַרפן אַמאָל זיינע וואָכעדיקע בגדים, אַרויסגיין פון זיינע טאָג־טעגלאַכע מחשבות און אַ קוק טאָן אין עתיד, ווייל דאָרט ליגט די מעכטיקייט און הייליקייט פון אַרבעטער־רינג פאַרבאָרגן.

ניט אין קאָלאָסאַלן קאַפּיטאַל, וואָס דער אַרבעטער־רינג פאַרמאָגט, באַשטייט זיין מאַכט, נאָר אין די קאָלאָסאַלע מאַסן.

ניט אין צאָלן קראַנקן־פּענסיע איז זיין ה י י ל י ק ע אויפגאַבע, נאָר אין דערציאונג: אין פאַרשפּרייטן ליכט און אויפקלערונג צווישן די מאַסן און איבער אַלץ און ערציען אַ נייעם, גאַנצן יונגן דור!

# פראָסטיטוציע און איר קאַמף אין סאָוועט רוסלאַנד

פון דר. א. חפץ

איינע פון די שרעקלאַכסטע ערשיינונגען אין דער איצטיקער געזעלשאַפט איז די פראָסטיטוציע. גייט אַרויס אויף די גאַסן פון אַ גרויסער שטאָט, וועט איר אומעטום, אין ניו־יאָרק, לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין, טרעפן צענדליקער טויזנטער פרויען, מיידלאַך, זאָגאַר קינדער פון 12 ביז 13 יאָר, וועלכע ציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זייער אויסזען, מאַנירן, מיט זייער געלעכטער, מיט וועלכע זיי שטרעבן מיט ערפאָלג דורכצופירן זייער פּראָפעסיע — האַנדל מיט זייערע קערפּער. די גאַסן־פּראָסטיטוציע בילדט נאָר אַ קליינעם טייל פון דער אַלגעמיינער פּראָסטיטוציע — אויפ'ן גאַס איז בלויז אַ טייל, די נידעריקסטע שיכט פון דער פּראָפעסיע; ס'איז דאָ העכערע, און נאָך העכערע, ביז צו די נאָר אויבערשטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט.

פּראָסטיטוציע איז אַ סאָציאַלער באַגריף; מיר טרעפן זיך מיט דער דאָזיקער ערשיינונג אין אַלטערטום און אין מיטלאַלטער — דאָרטן האָט די פּראָסטיטוציע געהאַט אַן אַנדער געשטאַלט און געטראָגן גאָר אַנדערע פאָרמען; אירע וואָרצלען ציען זיך אין דער געזעלשאַפטלאַכער עקאָנאָמיק. אין די גרויע צייטן פון די אוראַלטע מלוכות זעען מיר שוין די פּראָסטיטוציע אַלס אַ שטן פון דעם פאַרפערטיקטן, לאָקאַלן פאַמיליען־לעבן, וועלכעס האָט אָפּגעהיט דאָס פּריוואַט־אייגנטום און האָט ניט צוגעלאָזן דאָס די אָנגעקליבענע רייכטימער זאָלן צעשפּרייט ווערן צווישן אַ גרויסער צאָל געזעצלאַכע יורשים . . . דעמאָלט איז די פּראָסטיטוציע באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „לאָקאַלע" ערשיינונג, אַ באַגלייטערין פון געזעצלאַכע פאַמיליען־באַציאונגען. אין גריכנלאַנד האָבן די העטערן זיך באַנוצט ניט נאָר מיט פרייהייט, נאָר אויך מיט געזעלשאַפטלאַכן כבוד. די געזעצלאַכע ווייב האָט געדאַרפט האָבן קינדער, יורשים פון פאַרמעגן; די העטערן, אָבער, זיינען געוועזן פריינדינען, חברות, מיט וועלכע מען האָט פאַרבראַכט די צייט ניט נאָר אין סעקסועלע פאַרגעניגונגען, נאָר אויך אין קונסט און ליטעראַטור. די געשיכטע פון דער גלענצנדסטער צייט פון גריכישער געשיכטע, רעדט ניט נאָר פון פידיאַס, נאָר אויך פון דער העטערע אַספּאַזיאַ. אַלס געזעצלאַכע, נאָרמאַלע ערשיינונג האָט באַטראַכט די פּראָסטיטוציע אויך דאָס מיטלאַלטער. ביי דער הערשאַפט פון האַנדווערקערשאַפט, ווען יעדע פּראָפעסיע האָט געהאַט איר צעך, האָבן אויך די פּראָסטיטוטקעס געהאַט זייער אייגענעם צעך, מיט זייער פלאַג און עמבלעמעס. גלייך מיט אַלעמען האָבן זיי אַנטייל גענומען אין די פייערונגען פון אָפיציעלע יום־טובים. מען האָט אָפן צוגעגעבן, אַז די פּראָפעסיע איז אַ ניצלאַכע, ווייל זי גאַראַנטירט די „אומשולד" פון רייכע מיידלאַך און די „טרייהייט" פון בעל־הביתישע פרויען. די רייכע שטעט־איינגעזעסענע, וועלכע האָבן באַפרידיקט זייערע באַדערפענישן מיט די פאַרטרעטערינס פון אָט דער „ניצלאַכער פּראָפעסיע", האָבן ווייניקער געוואָרפן אויגן אויף די פרויען און טעכטער פון זייער שטאַנד.

דאָס בילד בייט זיך מיט דעם אַנטוויקלען פון קאַפּיטאַליזם . . . די פּראָסטיטוציע וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אומגעהייער . . . ניט נאָר די אַנטערטע און אומגעוואָרפענע מיידל רעקרוטירט אירע רייען, נאָר אויך די ערלאַכע אַרבעטער־פרוי און אַרבעטער־טאָכטער פאַרקויפן זיך כדי צו קריגן אַ שטיקל ברויט פאַר זייערע הונגעריקע קינדער און זייער משפחה. סאָניאַ מאַרמעלאַדאָווא ווערט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עפּאָכע. פּאַראַלעל מיט דער עקספּלואַטאַציע פון אַרבעט גייט אויך די עקספּלואַטאַציע פון פרויען־קערפּער; דאָרט וואו דער פאַרדינסט איז ווייניק אום דורכצולעבן, דאָרט טויכט אויף אַ פאַרפירערישע שטרעבונג צו אַן ערגענצונגס־פאַרדינסט דורך פאַרקויפן פון לאַסקעס. עס ענדערט זיך די באַציאונג צו דער פּראָסטיטוטקע — מען שטעמפּלט איר מיט שאַנד, זי ווערט אַ פּאַריער אין דער געזעלשאַפט . . . מען נוצט אויס איר קערפּער און מען יאָגט איר ווי אַ ווילדע חיה. דער דעוויז פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט „וויי די עקספּלואַטירטע" — געפינט זיין באַרעכטיגונג אויך אין דעם פאַל.

אום צו פאַרשטיין די פּראָסטיטוציע אַלס סאָציאַלע ערשיינונג, מוזן מיר, ערשטנס, דעפינירן דעם באַגריף „פּראָסטיטוציע". אונטער דעם באַגריף פאַרשטייען מיר די ערשיינונג, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דעם ניט־אַרבעטס־פּראָפיט אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַל און פּריוואַט־אייגנטומס הערשאַפט. אונטער „פּראָסטיטוטקעס" פאַרשטייען מיר די פרויען, וועלכע פאַרקויפן זייערע לאַסקעס, זייער קערפּער צו אַ מאַן אין צייטווייליקער אָדער שטענדיקער אויסנוצונג צוליב מאַטעריעלן פּראָפיט: פאַר גוטע שפּייז, קליידער, צירונג, און פאַר דעם רעכט, זיך פאַרקויפנדיק דעם מאַן, צו זיין פריי פון אַרבעט.

לויט אונזער דעפיניציע ליגט דער הויפּט־מאָמענט פון פּראָסטיטוציע אין דעם מאָטיוו, וועלכער טרייבט די פרוי זיך אָפּצוגעבן אַ מאַן — ליגן מאַטעריעלע גרונדן דערין, האָבן מיר פּראָסטיטוציע, אפילו וועןביידע געשלעכטער זיינען פאַרבונדן „כדת משה וישראל" . . . די גאַסן־פּראָסטיטוטקע שטייט אויף דער זעלבער שטופע, ווי די הויכגעערטע, יונגע, שיינע פרוי פון אַן אַלטן, רייכן מאַן. נאַטירלאַך, באַציט זיך די בורזשואַזע געזעלשאַפט גאַנץ אַנדערש צו ביידע קאַטעגאָריען פרויען; פון אונזער סאָציאַלאָגישן שטאַנדפּונקט געהערן זיי ביידע צו איין קאַטעגאָריע . . .

בורזשואַזע פאָרשער זעען דעם גרונד פון פּראָסטיטוציע (וועלכע זיי פאַרשטייען, נאַטירלאַך, אַלס פּראָסטיטוציע פון די נידעריקע שיכטן פון פאָלק — דער נעגנזאַץ צום לעגיטימען פאַמיליען־לעבן) אין אַנטראָפּאָלאָגישע גרונדן; זיי שטרעבן צו פאַרשלייערן דעם אמת'ן גרונד פון דער ערשיינונג, איר עקאָנאָמישן באָדן און זוכן אויפצואווייזן, אַז אירע וואָרצלען געפינען זיך אין דער אַנטראָפּאָלאָגישער נאַטור פון מענשן . . . אַזוי ווי עס עקזיסטירט אין אונזער געזעלשאַפט אַ געבאָרענער טיפּ פון אַ פאַרברעכער, אַ דעגענערירטער טיפּ, וועלכער אונטערשיידט זיך פון אַלע איבעריקע מענשן, אַזוי עקזיסטירט אויך אַן אַנטראָפּאָלאָגישער טיפּ פון אַ פּראָסטיטוטקע . . . אַ מיידל מיט אַזאַ אָרגאַנישע קאָנסיסטענץ, מעג זי געבאָרן ווערן אין אַ פּאַלאַץ, איז פיזיש דעגענערירט, און וועט ווערן, ווייל זי מוז עס ווערן, נאָך איר נאַטור אַ פּראָסטיטוטקע . . . אַזאַ טיפּ האָט איר ספּעציפישן פיזישן קערפּערבוי, אירע ספּעציפישע אַנטראָפּאָלאָגישע סימנים.

אַזאַ טעאָריע האָבן אויפגעבויט פּראָפ. לאָמבראָזאָ און דר. טאַרנאָווסקי; די טעאָריע ווערט געשטיצט דורך מערערע זייערע נאָכפאָלגער.

די טעאָריע איז אין גרונד פאַלש. אויב די טעאָריע פון לאָמבראָזאָ־טאַרנאָווסקי, אַז פּראָסטיטוטקעס ווערן געבאָרן מיט אַ פאַרדאָרבענער און סעקסועל ניט־נאָרמאַלער פיזישער קאָנסטיטוציע, וואָלט געוועזן ריכטיק, מיט וואָס וואָלט מען דאַן געקענט דערקלערן דעם אַלגעמיין־באַוואוסטן פאַקט, אַז די צאָל פּראָסטיטוטקעס וואַקסט ביי אַ קריזיס און אַרבעטסלאָזיקייט? פאַרוואָס וואַקסט מיט אַמאָל אויף אין דער צייט פון אַ הונגער אַזאַ גרויסע צאָל פון דער נאַטור געשטעמפּלטע מיט פאַרדאָרבנקייט פרויען? עס איז אויך אומפאַרשטענדלאַך, פאַרוואָס געפינען די הענדלער מיט לעבעדיקע סחורה זייערע קליענטן אין הונגעריקע לענדער, אין דער צייט, ווען אין זאַטע לענדער, אָדער אין זאַטע צייטן, גייט זייער שענדלאַכער געשעפט שווערלאַך צו? אויסערדעם, איז דען ניט טיפּיש, אַז אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער רעקרוטירן זיך די רייען פון דער פּראָסטיטוציע

אויסשליסלאך נאָר דורך די אָרעמע, ארבעטנדע שיכטן פון דער געזעלשאפט. דעם גרעסטן פראָצענט פון די פראָסטיטוטקעס גיבן די ערגער באצאָלטע פראָפעסיעס פון ארבעטערינס; גיבן די איינזאמקייט און אומבאהאָלפנקייט פון יוגענט, די שארפע נויט און אָרעמקייט, די נויטווענדיקייט צו געבן עסן די קליינע ברידער און שוועסטער — יתומים, וועלכע געפינען זיך אויף דער אויפזיכט פון אן אָרעמער יונגער שוועסטער. אויב די טעאָריע פון די בורזשואזע געלערנטע וואָלט געווען ריכטיק, אויב די אורזאך פון דער ערשיינונג וואָלט ווירקלאך געלעגן אין דער אָנגעבאָרענער פארדאָרבנקייט פון דער פרוי, דעמאָלט וואָלטן דאָך אויך די רייכע קלאסן פון דער געזעלשאפט אנטייל גענומען אין א גלייכער מאָס אין דער ערשיינונג — קיינער וועט טאקע ניט טענה'ן, אז נאָר די אָרעמע פרויען זיינען פארדאָרבן, די רייכע זיינען אלע טוגנהאפט. אין דער ווירקלאכקייט זעען מיר טאקע, אז די פראָפעסיאָנעלע פראָסטיטוטקעס, וועלכע לעבן אויסשליסלאך דורך האנדל מיט זייער קערפער, זיינען במעט אלע, מיט זייער זעלטענע אויסנאמען, פון די אָרעמסטע שיכטן פון דער געזעלשאפט. צו זייער פראָפעסיע טרייבט זיי, ניט זייער אָנגעבאָרענע פארדאָרבנקייט, נאָר אָרעמקייט, הונגער, קעלט, אָדער די שרייענדע ערשיינונגען פון סאָציאלער אומגלייכקייט, דער יסוד פון דער בורזשואזער אָרדענונג . . . נאָך א ביישפיל: דער אלטער פון פראָפעסיאָנעלע פראָסטיטוטקעס, ווי עס ווייזט די סטאטיסטיק, איז אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער 18—23 יאָר; דאָס איז די יוגענט אליין, במעט קינדער. און במעט אלע זיינען זיי איינזאמע, אומבאהאָלפענע. כאראקטעריסטיש איז, אז מיידלאך פון פארמעגלאכע משפחות, פאר וועלכע עס זאָרגן זייערע טאטעס־מאמעס, פאלן זייער זעלטן אריין אין די רייען פון פראָפעסיאָנעלע פראָסטיטוטקעס; די לעצטע זיינען מיידלאך, וועלכע די פאלשע בורזשואזע מאָראל האָט ארויסגעשטופט פון די רייען פון משפחה וועגן א ראָמאן, וואָס האָט זיך ניט פארענדיקט מיט א לעגיטימער חופה; זייענדיק ארויסגעשטופט פון איר קרייז, בלייבט ביי דער איינזאמער מיידל נאָר איין וועג — פראָסטיטוציע.

צולעצט נאָך וועלן מיר אָנמערקן אויך אויף דער ערשיינונג, אז קיינמאָל איז די פראָסטיטוציע ניט געווען אזוי פארשפרייט ווי אין אונזערע טעג. די מלחמה און דער פארבונדענער מיט איר קריזיס און ארבעטסלאָזיקייט האָבן אומגעהייער פארגרעסערט די רייען פון די פארלאָרענע פרויען.

יעדן איז באקאנט דער קאמף, וועלכן די בורזשואזע געזעלשאפט פירט מיט דער פראָסטיטוציע; זייענדיק פלייש פון איר פלייש און ביין פון איר ביין, זייענדיק פעסט פארבונדן מיט איר, בליט די פראָסטיטוציע, אומגעאכט דערויף, דאָס די פאריסעאישע געזעלשאפט אָרגאניזירט א יאגד איבער די פראָסטיטוטקעס און שטרעבט צו דער פאָליציייאישער רעגיסטראציע פון אלע פראָסטיטוטקעס, דערמיט, אז די אנשטענדיקע פאָטערס פון משפחות זאָלן ווייניקער ריזיקירן זיך אָנצושטעקן מיט א וועגערישער קראנקהייט . . . דער רעזולטאט פון קאמף איז אויך באקאנט: וואו עס ווערן פאריאָגט גאסן־פראָסטיטוטירטע, דאָרטן וואקסן אויס גאנצע קווארטאלן, וועלכע בליען אויף אונטער דער אויפזיכט פון דער פאָליציי; א טייל פון דעם שונד־פארדינסט פון דער פראָסטיטוטקע גייט איבער צום פאָליציימאן.

## ווי שטייט די פראגע אין סאָוויעט רוסלאנד?

די ארבעטער־רעוואָלוציע אין רוסלאנד, צוטרייסלענדיק די זיילן פון קאפיטאליזם, האָט אויך געגעבן א טויט־קלאפ דער פריערדיקער אָפהענגענדיקייט פון דער פרוי פון מאן. אלע בירגער זיינען גלייך פאר דעם ארבעטס־קאָלעקטיוו; אלע, אָן אונטערשיד פון געשלעכט, זיינען פארפליכטעט צו ארבעטן פאר דעם נוצן פון כלל און אלע ווערן אונטערשטיצט אין א נויטפאל דורך דעם קאָלעקטיוו. די פרוי ווערט פארזאָרגט ניט דורך דער חתונה, נאָר דורך איר אייגענעם אנטיילנעמען און שאפן פון פאָלקס רייכטום, דורך איר אייגענער פראָדוקטיוו־ארבעט.

דאָס איז די אידעע; פאקטיש איז אין רוסלאנד ניט איינגעפירט די קאָמוניסטישע אָרדענונג; ביז יעצט האָט געדויערט דער בירגער־קריג און דער אויסערלאכער קריג אויף אלע פראָנטן.

נאָך א לאנגע פעריאָדע וועט דויערן די איבערגאנגס־עפּאָכע פון קאפיטאליזם צום קאָמוניזם. ווי עס איז צו זעען פון דער בראָשורע פון אלעקסאנדרא קאָלאָנטאי, „די פראָסטיטוציע און דער קאמף מיט איר“, איז די פראָסטיטוציע ניט פארניכטעט געוואָרן. אָבוואויל די קאפיטאליסטישע אָרדענונג מיט דער הערשאפט פון פריוואט־אייגנטום עקזיסטירט ניט מער, זיינען דאָך אירע פאָלגן נאָך לעבעדיק; אויסער דעם עקזיסטירן דאָך נאָך די מלחמה־פאָלגן, די אָרעמקייט, די שלעכטע וואוינונגס־באדינגונגען פון ארבעטער־קלאס, דער עקאָנאָמישער קריזיס, די ניט־אָרגאניזירטקייט איבער'ן לאנד פון פראָדוקציאָנס־פארטיילונגס אפאראט, די אלע שווערע באדינגונגען, וועלכע מאכן דאָס לעבן אין רוסלאנד ווייט ניט ענלאך אויף א גן־עדן. דאָס אלץ האלט אונטער די פראָסטיטוציע, כאָטש דער הויפט־נערוו פון איר, דאָס פריוואט־אייגנטום, אלס סיסטעם, איז צעשמעטערט.

ערשטנס, מוז אוועקגעשטעלט ווערן די פראגע: דארף א לאנד, וועלכעס פארטרעט די אינטערעסן פון אלע אונטערדריקטע און עקספּלואטירטע, פירן א ס פ ע צ י ע ל ן קאמף מיט דער פראָסטיטוציע; קען זי עס ניט איבערלאָזן דער צייט, וועלכע וועט מיט איר קונפטיקער אנטוויקלונג אומענדערן די גאנצע פיזיאָנאָמיע פון לעבן? דערויף גיט אלעקסאנדרא קאָלאָנטאי אן ענטפער, אז א קאמף מוז געפירט ווערן מיט אָט דער שענדלאכער ערשיינונג איבער פאָלגענדע גרונדן: די פראָסטיטוציע איז א מכה, וועלכע טראָגט אריין פארגיפטונג אין דעם פראָצעס פון אויפבויאונג פון נייע לעבנספאָרמען דורך איר דעמאָראליזירנדער ווירקונג. מען דארף נעמען אין אנבאטראכט, אז פון סאָציאלאָגישן שטאנדפונקט איז דאָך איינגנטלאך די פראָסטיטוטקע א פערזאָן, וועלכע פארשאפט זיך לעבנסמעגלאכקייטן ניט דורך פראָדוקטיווער ארבעט, נאָר דורך האנדל מיט איר קערפער. אין א געזעלשאפט, וועלכע איז ניט געבויט אויף דעם פרינציפ פון פריוואט־אייגנטום, נאָר פון פראָדוקטיווער ארבעט פון אלע מיטגלידער פון קאָלעקטיוו, ווערט יעדער מיטגליד, וואָס מיידט אוים ארבעט, באטראכט אלס א ר ב ע ט ס־ ד ע ז ע ר ט י ר; אזא דעזערטיר מאכט קלענער די סומע פון שאפנדער ארבעט, ער מאכט קלענער די סומע פון פאָלקס־רייכטום, — ער לעבט אויף א פרעמדן רעכענונג. אין אן ארבעטס־רעפובליק קאָן און טאָר דאָס ניט צוגעלאָזן ווערן. די פראָסטיטוטקע איז אן ארבעטס־דעזערטיר גלייך מיט דעם ספעקולאנט און אנדערע ניט־פראָדוקטיווע עלעמענטן. פון דעם שטאנדפונקט זיינען גלייך: די פראָפעסיאָנעלע פראָסטיטוטקע, אזוי אויך ווי יעדע פרוי, וועלכע האָט ניט קיין פראָדוקטיווע געזעלשאפטלאכע פונקציעס אין פאמיליע גופא (שוואנגערשאפט אָדער פלעגונג פון קליינע קינדער), נוצט אוים איר סעקסועלע לאגע אום ניט צו ארבעטן. „אין דער הינזיכט“, באמערקט א. קאָלאָנטאי, „קענען מיר קיין אונטערשיד ניט מאכן צווישן א פראָסטיטוטקע און צווישן דער געזעצלאכער ווייב, וועלכע לעבט אויפ'ן רעכענונג פון איר מאן, ווער איר מאן זאָל ניט זיין, אפילו דער קאָמיסאר אליין.

אויסער דעם מוז מיט דער פראָסטיטוציע דירעקט געפירט ווערן א קאמף, ווייל זי איז איינער פון די פארשפרייטער פון וועגערישע קראנקהייטן; זי איז ווייט ניט דער איינציקער פארשפרייטער. (די אימפעריאליסטישע מלחמה און דער בירגער־קריג האָבן געבראכט דערצו, אז מיליאָנען משפחות זיינען אָנגעשטעקט, און די אָנשטעקונג גייט אלץ ווייטער און ווייטער נאטירלאכערהייט, אפילו ניט דורך דעם סעקסועלן צוזאמענלעבן.)

דריטנס, איז די פראָסטיטוציע שעדלאך, און דערמיט מוז מען זיך רעכענען שוין היינט אין רוסלאנד, דורך איר שטערונג ביים איינפירן פון נייע מאָראלישע באציאונגען צווישן די געשלעכטער. דער קאָמוניזם האָט אלס זיין פרינציפ דאָס סאָלידאריטעטס־געפיל צווישן אלע זיינע מיטגלידער, דאָס געפיל פון גלייכקייט. אָן דעם געפיל קען ניט אויפגעבויט ווערן קיין קאָמוניסטישע געזעלשאפט — און דעריבער איז אומבאדינגט נייטיק מיט אלע קרעפטן צו קעמפן מיט די ערשיינונגען, וועלכע שטערן די אנטוויקלונג און פארפעסטיגונג פון אָט די אייגנשאפטן אין ארבעטער־קלאס, אין דער ארבעטנדער באפעלקערונג. די פראָסטיטוציע ווירקט אין דער אנטגעגנגעזעצטער

זייט: זי פארשוואכט דאס געפיל פון גלייכקייט, סאלידאריטעט, חבר׳שאפט, צווישן די געשלעכטער, ד. ה. צווישןביידע העלפטן פון ארבעטער־קלאס. אין דער פראסטיטוציע טרעפן זיך ביידע געשלעכטער, ניט ווי גלייכבארעכטיקטע אין ליבע, נאר ווי א קויפער און א לעבעדיקע סחורה. א מאן, וואס איז געוואוינט צו קויפן פרויען־לאסקעס פאר געלט, פאר מאטעריעלן פראפיט, באציט זיך ניט נאר צו זיין אביעקט פון קויפן־פארקויפן, נאר איבערהויפט צו פרויען מיט פאראכטונג; אנשטאט דעם סאלידאריטעטס־געפיל וואקסט ביי דער אנטוויקלונג פון פראסטיטוציע דאס געפיל פון דער אויבערהערשאפט פון מאן איבער דער פרוי, דאס געפיל פון אומאפהענגיקייט פון דער פרוי . . . דאס הייסט, אז די סומע פון ס א ל י ד א ר י ט ע ט אין דער ארבעטער־באפעלקערונג, וועלכע בילדעט דעם יסוד פון דער קונפטיקער געזעלשאפט, ווערט פארקלענערט.

דערום איז צו פארשטיין פארוואס די נויטווענדיקייט פון קאמף מיט דער פראסטיטוציע איז פארשטאנען געווארן גלייך באלד נאך דער אקטאבער רעוואלוציע. שוין דער ערשטער אלרוסלענדישער צוזאמענפאר פון ארבעטערינס און פויערינס האט פראקלאמירט: „די פרייע גלייכבארעכטיקטע בירגערין פון דער סאוויעטישער, ארבעטער־רעפובליק קאן ניט זיין און טאר ניט זיין אן אביעקט פון קויפן און פארקויפן זיך.“

ווי מיר האבן שוין אויבן אנגעוויזן, איז די מאטעריעלע לאגע אין רוסלאנד די גאנצע צייט זייט דער אקטאבער רעוואלוציע געווען שרעקלאך שווער. אויסערדעם זיינען די מעגלאכקייטן פון בויאונג פון גאנץ נייע לעבנספארמען אויך זייער באגרענעצטע.

די אונטערזוכונגען, וועלכע א ספעציעלע קאמיסיע האט אונטערזוכט, האבן באוויזן, אז די פראפעסיאנעלע פראסטיטוציע האט זיך זייער פארקלענערט; אבער דערפאר איז זייער ברייט פארשפרייט פראסטיטוציע, אלס א הילפס־באשעפטיגונג; די פראסטיטוציע האט, לויט די נייע פארמען פון לעבן, אנגענומען פארשידענע געשטאלטן: „סאוויעטסקע בארישניעס“ (פרייליינס אנגעשטעלטע אין רעגירונגס־אנשטאלטן) פראסטיטואירן אום צו באקומען הויכע שיך ביז די קני; מוטערס פון פאמיליען, ארבעטערינס און פויערטעס גיבן אפ זייער קערפער דעם נאטשאלניק פון „זאגראדיטעלנעם אטריאד“ (פאליציי, וועלכע האט געדארפט אויפפאסן, אז פריוואטע פערזאנען זאלן ניט דורכפירן קיינע פראדוקטן), אום דורכצופירן א זעקל מעל; עס האט זיך באוויזן אזוי־גערופענע „קאריערנע פראסטיטוציע“, ד. ה. פראסטיטוציע פון אן אנגעשטעלטער מיט דעם אפטיילונגס־פארוואלטער ניט צוליב ריין מאטעריעלן פראפיט, ווי א פאיאק, שיך, קליידער א. א. וו., נאר צוליב דעם, זי זאל קענען פארנעמען א בעסערע שטעלע — ד. ה. אויך מאטעריעלע רעכענונגען און נאך אנדערע אנאלאגישע פארמען פון פראסטיטוציע.

צו דער באקעמפונג פון פראסטיטוציע איז אין 1920 יאר לויט דער איניציאטיוו פון נארקאמסאבעז (פאלקס־קאמיסאריאט פאר סאציאלע פארזארגן), א ספעציעלע קאמיסיע פאר דער באקעמפונג פון פראסטיטוציע, וועלכע באשטייט פון פארטרעטער פון פארשידענע קאמיסאריאטן (געזונדהייטס, יוסטיץ, ארבעט, פארזארגן) און אויך פון פארבאנד פון קאמוניסטישער יוגענט און פון פרויען־אפטיילונג פון צ. ק. פון דער רוסישער קאמוניסטישער פארטיי.

די קאמיסיע איז לויט אירע אונטערזוכונגען געקומען צו פאלגנדע רעזולטאטן:

1. דער קאמף מיט דער פראסטיטוציע באשטייט הויפטזעכלאך אין פארוויקליכונג פון דער סאוויעטישער פאליטיס אויפ׳ן געביט פון פאלקס־ווירטשאפט און אויפבויאונג פון נייע, קאמוניסטישע פארמען פון לעבן. נאר די קאמוניסטישע געזעלשאפט וועט ברענגען דעם סוף פון דער שענדלאכער ערשיינונג.

2. אין דער איבערגאנגס־צייט פון קאפיטאליזם צום קאמוניזם, ווען די פראסטיטוציע ווייזט טענדענצן צו עקזיסטירן און אפילו אנצונעמען נייע געשטאלטן — מוז, ערשטנס, אנגענומען ווערן אלע מאסרעגלען אום צו פארבעסערן די לאגע פון דער איינזאמער, אומבאהאלפענער פרויען־יוגענט, שאפן פארוויילונגען, בעסערע לעבנס־באדינגונגען א. א. וו.

עס איז פארגעלייגט געווארן אין דער קאמיסיע צו באשטראפן די פראסטיטוציע, אלס פארברעכן.

די פארטרעטערינס פון דער פרויען־אפטיילונג פון דער קאמוניסטישער פארטיי זיינען ארויסגעטרעטן נעגן דעם; זיי האבן גאנץ ריכטיק אנגעוויזן, 1) אז ווען די פראסטיטוציע וועט פראקלאמירט ווערן אלס פארברעכן, וועלן מוזן געמאכט ווערן אבלאוועס אויף פראסטיטוטקעס; זיי וועלן מוזן געשיקט ווערן אין קאנצענטראציאנס־לאגרן, גלייך ווי אלע פארברעכנס — און דאס וואלט געווען צו שטרענג פון אנפאנג אן. 2) ווען מען זאל זיך אזוי באגיין מיט פראסטיטוטקעס, דארף מען די זעלבע מאסרעגלען געברויכן אויך צו אזעלכע „געזעצלאכע“ פרויען, וועלכע לעבן אויף דעם מאנס מיטלען און ארבעטן ניט... פאר דעם ארבעטער־קאלעקטיוו זיינען זיי אלע גלייך — זיי זיינען ארבעטס־דעזערטירערינס. אויסערדעם, אזוי ווי פראסטיטוציע באשטייט אין פארקויפן פון פרויען־לאסקעס, צוליב מאטעריעלן פראפיט, מוז מען לאגיש אונטערזוכן, און שטעמפלען אלס פראסטיטוטקע, אויך די פרוי, וועלכע פארקויפט זיך אויף אייביק א מאן, אין געזעצלאכער ערע, צוליב מאטעריעלע אינטערעסן. פון מאראלישן שטאנדפונקט זיינען זיי גלייכבארעכטיקט . . . עס איז באשלאסן געווארן ניט צו באשטראפן פראסטיטוציע אלס פארברעכן; עס איז בלויז געבליבן א פונקט וועגן ארבעטס־דעזערטירער; די לעצטע ווערן צוגעצויגן צו דער ארבעט. אויב זיי אנטלויפן פון דער ארבעט צום צווייטן מאל, דאן ווערן זיי אונטערוואָרפן דער ארבעט מיט געוואלט — זיי ווערן געשיקט אין קאנצענטראציאנס־לאגערן. פראסטיטוטקעס ווערן געשטראפט, ניט ווי אזעלכע, נאר ווי אנדערע קאטעגאריעס, וועלכע ווילן ניט ארבעטן.

עס איז אויך פארגעלייגט געווארן, אז עס זאלן באשטראפט ווערן די מענער, וועלכע נוצן זיך מיט פראסטיטוציע. דאס איז דורכגעווארפן געווארן, ווייל עס איז זייער שווער אין יעדן פאל צו קאנסטאטירן, אז אין דער אדער יענער באציאונג צווישן די געשלעכטער ליגט א מאטעריעלע אויסרעכענונג, און ניט א נאטירלאכע צוציאונג. עס איז דאך באשלאסן געווארן, אז ווען עס וועט באשטעטיקט ווערן א פאל פון פראסטיטוציע, ווערן אונטערוואָרפן ביידע, דער מאן און דער פרוי, דער מאראלישער באשולדיגונג. באשטראפט אלס פארברעכער ווערן אלע פארמיטלער פון פראסטיטוציע.

3. עס איז געפונען געווארן דורך דער קאמיסיע, אז די הויפט־ארבעט, די קולטורעלע אויפקלערונגס־ארבעט צווישן פרויען, מוז געפירט ווערן דורך די פארטייאישע פרויען־אפטיילונגען. אט די ארבעט וועט אויך פירן צו דער פארקלענערונג פון דער פראסטיטוציע.

לויט די באשלוסן פון דער קאמיסיע, ווערט די פראסטיטוציע אלס אזעלכע ניט באשטראפט. די פרוי, וועלכע האט איר ארבעטס־ביכל, און באשעפטיקט זיך נעבנביי מיט פראסטיטוציע, אזוי אויך ווי די פאמיליען־פרוי, ווערן ניט באשטראפט. מיט די פארמען מוז געקעמפט ווערן דורך אויפקלערונגס־ארבעט; עס איז נויטווענדיק אויפצואווייזן דער פרוי די נייע פארם פון מאראל, וועלכע איז אייגנטימלאך דער קאמוניסטישער געזעלשאפט; אז יעדער מאטעריעלער אינטערעס, יעדער פראפיט פאר דער פרוי דורך איר סעקסועלן צוזאמענלעבן מיט א מאן — איז פראסטיטוציע.

אט דאס זיינען די מאסרעגלען, וועלכע די גרויסע ארבעטער־רעפובליק האט אויסגעארבעט, צו באקעמפן די שענדלאכסטע ערשיינונג אין מענשלאכן לעבן. מען מוז קאנסטאטירן, אז זיי זיינען ראציאנעל און מען מוז מיט גרונד רעכענען, אז זיי וועלן דערגרייכן זייער ציל.

# באָלשעוויזם און קאָאָפּעראַציע

פון אהרן סטאָלינסקי

פון די טעגליכע צייטונגען איז די לעזער פון „פריינד“ שוין באַקאַנט, אַז דער צענטער קאָמוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרן דעם לעצטען מערץ איז מאָסקווע, האָט באַשלאָסן אָפּצושאַפן דעם פאַרבאָט, אַז פּריוואַטליגע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן האָבן ניט קיין רעכט צו עקזיסטירן אין רוסלאַנד. כדי צו האָבן אַ באַגריף, וואָס די דאָזיגע הנחה מיינט און וואָס אייגענטלאַך עס איז אַזוינס פאָרגעקומען אין סאָוויעט רוסלאַנד מיט די קאָאָפּעראַטיוון, ווילען מיר דאָ געבן עטלאַכע אויסצוגען פון אַ לענגערן סטייטמענט וועגן דעם דאָזיגן ענין פון דער אַל־רוסישער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט „אַרקאָס“, וואָס איז אָן ספק דער צופאַרלעסיגסטער איבערבליק, וואָס איז ביז איצט דערשינען וועגן די באַציהונגען פון די באָלשעוויקעס צו קאָאָפּעראַציע

---

כדי צו פאַרשטיין דעם צושטאַנד און די פּאָזיציע פון די קאָאָפּעראַטיוון אין רוסלאַנד, איז פאַר אַלעם ערשטען נייטיק כאָטש צו האָבן אַ שטיקל באַגריף וועגן דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד אין אייראָפּע בכלל און אין רוסלאַנד בפרט.

די לעצטע וועלט־מלחמה האָט געמאַכט אַ שרעקליכן חורבן אין דעם עקאָנאָמישן געוועב פון אייראָפּע; אָבער אין ערגעץ האָט די מלחמה ניט געצוואונגען צו מאַכן אַזעלכע ראַדיקאַלע ענדערונגען אין עקאָנאָמישן לעבן, ווי אין רוסלאַנד. שוין אַזוי פרי, ווי אין אָנפאַנג 1916, האָט די באַפעלקערונג פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליען, שווייץ, און אַ היבשע צאָל גובערניעס פון רוסלאַנד, פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער און שפּייז־„סאָבסטיטוטס“. פעסטע פּרייזן, קאַרט־סיסטעמען, און שטאַט־געזעצען ווי אַזוי צו רעגולירן דעם שפּייז־מאַטעריאַל זיינען געווען די מיטלען, וועלכע מען האָט אָנגענומען צו באַקעמפן דעם שטאַרקסטן שונא — הונגער. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז געווען ניט מער ווי נאַטירלאַך, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלען אָנהייבן צו שפּילען די ראָלע אינ'ם געזעלשאַפטליכן לעבן.

ארום 1914 זיינען אין רוסלאַנד געווען דריי פאַרשידענע מינים קאָאָפּעראַטיוון, און פּראָדוצירנדע קאָאָפּעראַטיוון. פון די דאָזיקע דריי זיינען די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון (קאָאָפּעראַטיווע סטאָרס) געווען אַם בעסטן אָרגאַניזירט. אַט זיינען עטלאַכע ציפערן: אין 1913 האָט דער מאָסקווער צענטראַל פון אַלע רוסישע קאָנסום־געזעלשאַפטן געמאַכט אַן אומזאַץ פון ארום 4 מיליאָן דאָלאַר; און אין 1917 האָט דער אומזאַץ פונ'ם צענטראַסאָיוז שוין באַטראָפן ארום 100 מיליאָן דאָלאַר. די דאָזיקע סומע איז אפשר גאָר ניט אַזוי גרויס, ווען מען פאַרגלייכט איר מיט דעם אומזאַץ פון די גרויסע קאָאָפּעראַטיוון פון אַנדערע לענדער; אָבער ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט אַז דער רוסישער האַנדל איז בכלל געווען אַביסל הינטערשטעליק, דאַן מוז מען צוגעבן, אַז די קאָאָפּעראַטיוון האָבן געמאַכט אַ גוואַלטיקן פּראָגרעס אויפ'ן קאָמערציעלן געביט.

אַ דאַנק דער מלחמה האָבן אַ סך פּריוואַטע אונטערנעמונגען זיך פאַרמאַכט און די קאָאָפּעראַטיוון זיינען געווען די איינציקע, וועלכע האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער. דער יקרות און דער מאַנגל אין די סאַמע נייטיקסטע לעבענס־פּראָדוקטן האָבן פּשוט געטריבן די ברייטע רוסישע פאָלקס־מאַסן אין די רייען פון די קאָאָפּעראַטיוון. זאָגאַר די צאַרישע רעגירונג, וועלכע איז שטענדיק געווען פיינדלאַך צו דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, האָט אויך געמוזט אָנקומען צו די קאָאָפּעראַטיוון, אַז זיי זאָלן איר העלפן באַזאָרגן די אַרמיי מיט אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן.

באַלד ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָבן זיך כמעט אַלע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטן אויפגעלייזט, און זייערע ערטער האָבען פאַרנומען פאַרשידענע פּאַטריאָטישע, שוואַרץ־מאה'דיקע חברות. דאַן זיינען די קאָאָפּעראַטיוון, ווי קליין־בירגערלאַך די מייסטע פון זיי זיינען ניט געווען, פאַקט געווען די איינציקע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטליכע קרעפטן, וועלכע האָבן זיך ניט פאַרלוירן אין דער גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע.

די צאַרישע רעגירונג האָט איבערגעלאָזן די באַפעלקערונג אין אַ גוואַלטיקן כאַאָס; אין די גרעסטע אינדוסטריעלע צוקער־צענטרן, למשל, האָט די באַפעלקערונג ניט געהאַט גענוג צוקער; אין די בעסטע וואַלד־געגענטן האָט די באַפעלקערונג ניט געהאַט גענוג האָלץ, און דאָס ערגסטע פון אַלעם — גאַנץ רוסלאַנד איז געבליבן אָן ברויט. עס איז דעריבער ניט געווען מער ווי נאַטירלאַך, דאָס די באַפעלקערונג האָט זיך געכאַפּט צו קאָאָפּעראַציע, — פאַר איינעם פון די בעסטע מיטלען געגן יקרות.

## קאָאָפּעראַציע אונטער דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג

די פעברואַר רעוואָלוציע אין 1917 האָט באַשאַפן אַ נייע ערא פאַר דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אַלע באַגרענעציגונגען פון דער צאַרישער רעגירונג זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן. און ניט בלויז דאָס: די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט אויך פאַרעפענטליכט אַ געזעץ, לויט וועלכען די קאָאָפּעראַציע קריגט די מעגליכסטע ברייטע פרייהייטען צו פאַרשפּרייטן איר טעטיגקייט. דער דאָזיקער געזעץ איז ניט געווען קיין איבעראַשונג פאַר די קאָאָפּעראַטאָרס, וואָרים די נייע רעגירונג איז געווען אויסשליסלאַך אָפּהענגיק אָן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג צו לעזען דעם פאַרוויקעלטן שפּייז־פּראָבלעם.

די און די אויבענדערמאָנטע הנחות האָבן צו בּיסלאַכווייז אַרויסגערוקט די קאָאָפּעראַטיוון אויף דער אַרענע פון פּאָליטישער אַקטיוויטעט. וואָרים יעדע עקאָנאָמישע באַוועגונג מוז פריער אָדער שפּעטער ווערן אַ פּ אָ ל י ט י ש ע מאַכט. דאָס איז אַן אַלטער אמת אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, און דאָס איז איצט אויך שטאַרק בולט צווישן די ענגלישע קאָאָפּעראַטיוון. די רוסישע קאָאָפּעראַטיוון האָבן גאַנץ ברייטלאַך אויסגענוצט די גינסטיקע לאַגע. אַזוי, למשל, זעען מיר, דאָס אונטער דער לוואָף־קערענסקי רעגירונג האָבן די קאָאָפּעראַטאָרס פאַרנומען גאַנץ אָנגעזעהענע רעגירונגס־שטעלן און מאַנכע פון זיי — אויך מיניסטער־פּאָרטפעלן.

אָבער די פּאָליטיש־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט די פּראָוויזאָרישע און די קערענסקי רעגירונג, האָט, ווי באַקאַנט, ניט געהאַט קיין לאַנגען קיום. נייע קרעפטן זיינען ענדלאַך געקומען אין פאָדערגרונט. דער פּראָלעטאַריאַט פון די שטעט און דערפער, וועלכער האָט ענדלאַך פאַרניכטעט די בורזשואַזע רעגירונג דורך זיין ערפאָלגרייכער רעוואָלוציע פון אָקטאָבער 1917. און אַזוי ארום האָבן די באָלשעוויקעס אַריינגענומען די גאַנצע רעגירונגס־מאַכט אין זייערע אייגענע הענט.

## נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע

די אַלטע קאָאָפּעראַטאָרס האָבן גענומען אַ פיינדלאַכע שטעלונג צו דער ערפאָלגרייכער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. ביי זייער קאָנגרעס איז ערוויילט געוואָרן דער „קאַונסיל פון קאָאָפּעראַטיווע קאָנגרעסן“, וועלכער האָט געקראָגן דאָס רעכט צו האַנדלען אין נאָמען פון אַלע קאָאָפּעראַטיוון. דער דאָזיקער קאַונסיל האָט אינגיכען אַרויסגעלאָזן אַ מאַניפעסט, פאַרדאַמענדיק די באָלשעוויסטישע מאַכט־פאַרכאַפּונג און אויפפאָדערנדיק אַלע קאָאָפּעראַטאָרס „צו קעמפען געגן די באָלשעוויקעס ביז צום סוף.“

די דאָזיקע פיינדשאַפט נעמט זיך אייגענטלאַך פון גאַנץ ערנסטע און פּרינציפּיעלע אורזאַכן. דער דורכשניטלאַכער טיפּ קאָאָפּעראַטאָר האָט אַ גאַנץ אַנדערן בליק ווי די באָלשעוויקעס, ווי אַזוי די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון אַ שטאַט דאַרפן פאַרוואַלטעט ווערן. די מאָדערנע קאָאָפּעראַציע איז אַ קינד פון קאַפּיטאַליזם און שטיצט זיך אייגענטלאַך אַ סך אויף דעם אופן פון זיין פּראָדוקציע און אויסטויש. קאָאָפּעראַציע האָט ניט קיין באַזונדערע פּרעטענזיעס אויף פאַרניכטן אַלע אינסטיטו־

ציעם פון פריוואט־אייגענטום; זי קעמפט בלויז געגן א געווינן טייל פון דער קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע און איר טעטיגקייט מוז סוף־כל־סוף זיין א באגרענעצטע. דאס גיט זאגאר צו אזא קאאפעראטיווער טעארעטיקער, ווי מרס. *סידני וועב*, אין איר וואונדערבארן בוך „די קאאפעראטיווע באוועגונג אין ענגלאנד" (זייטן 225־235). עס איז קלאר, אז קאאפעראציע קען ניט זיין א לעזונג צו *אלע* סאציאלע איבלען. קאאפעראציע איז בלויז א *מיטעל* צום סאציאליזם, פונקט אזוי ווי די טרייד יוניאנס און די פאליטישע טעטיגקייט פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

*לענין* האט אין זיין פראגראם־רעדע, וואס ער האט געהאלטן פאר די סאוויעטן אין אפריל 1918, קלאר ארויסגעבראכט דעם געדאנק, אז דער סאציאליסטישער שטאט קען ניט האבן א קיום אלס א נעץ פון פראדוקטיווע און קאנסומערס קאמונען. ער האט אויך אנגעוויזן, דאס ביים דורכפירן דעם דאזיקן פלאן מוזן די קאנסום־קאאפעראטיוון שפילן א דאמינירנדע ראלע. און האבנדיק דאס אלץ אין זין, האט די סאוויעטן־רעגירונג טאקע אנגענומען אזא טאקטיק בנוגע די קאאפעראטיוון, אז זיי זאלן דינען ניט בלויז די אינטערעסן פון זייערע מיטגלידער, נאר די אינטערעסן פון דער *גאנצער באפעלקערונג*. די קאאפעראטיווע באוועגונג אין רוסלאנד האט דורכגעמאכט א גאנץ ערנסטע טראנספיגוראציע, צו וועלכער אירע אלטע פירער זיינען ליידער ניט געווען דערוואקסן.

(שלוס אין קומענדן נומער)

# ווייסט איר, ווייסט איר?

פון י. אדלער

וועןא פריש־באטויטעם בלימל
שפרייט פאנאנדער אירע בלעטלאך
און פון איטליכס זיידן בלעטל
הויכט ארויס א זיסער חלום,
און דער חלום דרינגט אין הארצן —
ווייסט איר, ווייסט איר,
אז אין בלימל צאפלט, צאפלט
א נשמה?

ווען א ווייסע, ווייסע ליליע,
ווי א יונגע, יונגע כלה,
ריין ווי אומשולד, ריין און כשר,
שטייט אין גערטל,
און זי בעט ביי גאט דעם ליבן
זונען־שיין און קלארע הימלען,
שטילע, ווייכע בשמים־ווינטלאך —
ווייסט איר, ווייסט איר,
אז עס צאפלט אין דער ליליע
א נשמה?

ווען א יונגער קוואל א ריינער,
ערגעץ אין א הייל באהאלטן,
שטראמט ארויס פון פעלזן־שפאלטן;
און דאס פרישע קאלטע וואסער
לויפט און מורמלט שטיל א תפילה —
ווייסט איר, ווייסט איר, ליבע מענשן,
אז אין מורמל, אין דער תפילה,
פון דעם יונגן קוואל דעם ריינעם,
צאפלט, צאפלט
א נשמה?

ווען א ווינטל אויף זיין וואנדער,
פליט פארביי א קוסט מיט רויזן
און פארטשעפעט דארט די פליגל,
גנב'עט אפ די זיסע ריחות
און בעטיילט זיי פאר די גראזן,
און די גראזן שעפטשען עפעס,
דאנקן אפ אויף זייער לשון,
דאנקן אפ און בעטן מערער —
ווייסט איר, ווייסט איר,
אז עס צאפלט ביי די גראזן
א נשמה?

ווען עס קומט א נאכט א שטילע,
און איר הערט דעם סודות־פולן
שארך פון אירע גרויע פליגל,
און דער מערב־הימל טרויערט
נאך דער זון — דעם גרויסן נפטר . . .
און ס'באווייזן זיך די שטערן,
און די שטערן ציען אייך
מיט בלויע פעדים,
צינדן אן א שטומע בענקשאפט
און די בענקשאפט דרינגט
אין הארצן —
ווייסט איר, ווייסט איר,
אז אין בענקשאפט פון א ליבע הארץ א ריינע
צאפלט, צאפלט א נשמה?

# באַגריסונגען צו דער איין און צוואַנציקסטער קאָנווענשן פון אַרבעטער-רינג אין באָסטאָן

## טעלעגראַמען פון אַרב. רינג ברענטשעס

מיר גראַטולירן אַייך מיט ערפאָלג און שיקן אַייך אונזערע גליקווינשן.—בר. 2 אַ.ר.

מיר גראַטולירן אַייך הערצלאַך מיט'ן מאַסס. זיג. האָפן דאָס איר וועט אויך האָבן ערפאָלג אין אויפבויען אַ היים פאַר אונזערע מיטגלידער. — בר. 6 אַ. ר.

די מיטגלידער פון בר. 8 גראַטולירן אַלע דעלעגאַטן מיט ערפאָלג און ווינשן אַייך גליק אין אַייער אַרבעט. שטיינבערג, סעק. בר. 8.

הערצלאַכע באַגריסונגען צום איין־און־צוואַנציגסטן צוזאַמענפאָר פון אַרבייטער רינג. — בר. 9 אַ. ר.

חברים דעלעגאַטן! עס איז אונזער וואונש דאָס איר זאָלט האָבן אויפ'ן טאָג־אָרדנונג פון קאָנווענשן הילף פאַר אונזער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי פון נ. י., אום צו געבן די בעקעריי געניגענדע מיטלען צו קויפן מאַשינערי און אַלע אַנדערע נייטיקע מכשירים. עס איז דער פאַרלאַנג פון אַלע מיטגלידער פון בר. 20, איר זאָלט שענקן די בעקעריי 5000 דאָלאַר און אויף אַ געהעריקן אופן פייערן דעם זיג אין מאַסס. —בר. 20 אַ. ר.

גראַטולאַציעס צו דער 21־טער קאָנווענשן. ווינשן ערפאָלג אין דער צוקונפט. — בר. 27.

הערצלאַכע גראַטולאַציעס צו די דעלעגאַטן פון דער 21־טער קאָנווענשן. דער מאַסס. ערפאָלג איז אַ קוואַל פון שמחה צו אונז אַלעמען. מיר האָפן דאָס אונזער ערפאָלג וועט פאַרגעזעצט ווערן. זאָל אונזער וואוקס זיין אָן גרענעצן. — וועבער, סעק. בר. 28.

מיר שיקן אַייך אונזערע בעסטע גליקוואונשן. לייגט אַ פונדאַמענט פאַר אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער. — בר. 38 א. ר.

מיר גראַטולירן די דעלעגאַטן צו דער 21־טער קאָנווענשן. צוזאַמען מיט אַייך פייערן מיר דעם זיג פון מאַסס. זעצט פאָרט אַייער אַרבעט מיט ערפאָלג פאַר איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע. — גראַדזשענציק, סעק. בר. 25 אַ. ר.

מיר ווינשן ערפאָלג די דעלעגאַטן. — בר. 68 אַ. ר.

ווינשן די בעסטע גליקוואונשן און ערפאָלג צו דער 21טען קאָנווענשן. — בר. 93.

נעמט אָן אונזערע הערצלאַכע גראַטולאַציעס צו אונזער זיגעס־קאָנווענשן. זאָל אַ שטאַרקע שטימע אונז פאַראייניקן און פירן צום זיג, דאָס איין אַ. ר. זאָל זיין אין אַמעריקע. — מר. צאַסקין, בר. 96 אַ. ר.

בר. 12, בודין, סעק., ווינשט דעם אַ. ר. ערפאָלג און לאַנגע יאָר.

בר. 13, רוססאַק, סעק., באַגריסט אין נאָמען פון בר. די דעלעגאַטן צו דער 21־טער קאָנוו.

בר. 19, סיראַקיוס, שיקט זיינע גליקוואונשן.

בר. 22, יוסף ליוט, סעק., באַגריסט דעם באַליבטן אַ. ר. און ווינשט ערפאָלג די קאָנוו.

בר. 75, סאַוויט, סעק., גראַטולירט די קאָנווענשן פאַר דער גוטהערציקער גוטער אַרבעט און ווינשט ווייטערדיקן ערפאָלג.

בר. 88 אַ. ר. גראַטולירט די קאָנווענשן מיט'ן ערפאָלג אין מאַסס. און שיקט אויך זיינע באַגריסונגען דער נייער טעריטאָריע.

בר. 99, מינסקער פראָגר., כאַיט, סעק., באַגריסט די קאָנווענשן. זאָל דער אַ. ר. אָנגיין מיט זיין קולטורעלער און אָרגאַנ. אַרבעט איבער גאַנץ אַמעריקע צווישן די אידישע אַרבעטער־מאַסן. די צוקונפט איז אונזערע.

בר. 145 באַגריסט די קאָנווענשן.

בר. 149 באַגריסט די קאָנווענשן און גראַטולירט מיט'ן זיג אין מאַסס.

בר. 200, באַראַוויק, סעק., גראַטולירט מיט'ן זיג און ווינשט ווייטערדיקן ערפאָלג.

הערצלאַכע גליקוואונשן פאַר ערפאָלג. — ריטשמאָנד ברענטשעס 120 און 591.

זייט געגריסט, איר דעלעגאַטן, צו דער 21־טער קאָנווענשן. מיר ווינשן דאָס צו דער 22־טער קאָנווענשן זאָל זיין איין אַ. ר. אין אַמעריקע. — הורוויטש, סעק., בר. 128.

העצלאַכסטע גליקוואונשן צו דער 21־טער קאָנווענשן. — בר. פון ראַסין, וויסקאָנסין.

הערצלאַכע גראַטולאַציעס צו די דעלעגאַטן. מיר ווינשן דאָס אַייערע פאַרהאַנדלונגען זאָלן ברענגען די בעסטע רעזולטאַטען. — יעקב ניומאַן, סעק. בר. 136.

הערצלאַכע גליקוואונשן צו אונזער 21־טער קאָנווענשן. מיר בעטן אַייך ערנסט אָנצונעמען דעם פלאַן צו בויען אַ היים פאַר אַלטע און קראַנקע מיטגלידער. — העמאָנד, ברענטש; רעזניק, סעק.

אונזער חלום איז פאַרווירקלאַכט געוואָרן. אונזער קאָנווענשן איז אין מאַסס. מיר גראַטולירן אַייך. ווינשן אַייך ערפאָלג אין אַייערע ווייטערדיקע אונטערנעמונגען. — מערלין, סעק. בר. 207.

מיר גראַטולירן אַייך, דעלעגאַטן, מיט'ן ערפאָלג אין מאַסס. סטייט. מיר ווינשן אַייך ערפאָלג אין אַייער צוקינפטיקער אַרבעט. — בר. 233; שעלעמאַוויטץ, סעק.

נעמט אָן אונזער הערצלאַכע גראַטולאַציעס מיט אַייער זיג אין מאַסס. בעסטן ערפאָלג צו דער קאָנווענשן. — בר. 257 אַ. ר.

אונזער הערצלאַכע גליקוואונשן פאַר אַייער נאָבעלער אַרבעט, חברים. העלפט קאַליפאָרניע צו טאָן איר טייל אין בילדונגס־אַרבעט און שאַפט פאָנדן פאַר אַ בילדינג פאַר עדיוקיישאַן; העלפט אויך פאַרגרעסערן די מיטגלידערשאַפט פאַר'ן סאַניטאַריום אין לאָס אַנדזשעלעס. — פראַנקעל, בר. 287 אַ. ר., אָוקלאַנד, קאַל.

מיר האָפן דאָס די 21־טע קאָנווענשן וועט טאָן גוטע אַרבעט און איר וועט זיין גליקלאַך אין אַייער אַרבעט. — בר. 348 אַ. ר.

מיר ווינשן אַייך ערפאָלג אין איין פאַראייניקטן אַ. ר. — פעלטינגאָף, בר. 351 אַ. ר.

מיר גראַטולירן הערצלאַך די דעלעגאַטן, פאַרזאַמלטע צו אונזער זיגעס־קאָנווענשן. איין און נאָר איין אַרב. רינג אין אַמעריקע איז אונזער וואונש.—סניידער, סעק. בר. 362.

בעסטע גליקוואונשן פאַר'ן צוקונפטיקן ערפאָלג אין אַייער נאָבעלער אַרבעט.—בר. 384.

מיר ווינשן אַייך אַן ערפאָלגרייכע פאַרזאַמלונג. פאַרגעסט ניט די היים פאַר אַלטע מיטגלידער און שאַפט הילף פאַר די מלחמה־קרבנות פון איראָפּע. מיר פאַרפליכטן זיך צו שאַפן 5 טויזענט דאָלאַר פאַר דעם יאָר 1921. איין טויזענט האָבן מיר שוין געגעבן. ווער וועט אונז נאָכפאָלגן. — קאַמיוויטץ, סעק. בר. 408, ראַקאָוויי־ביטש.

גליקוואונשן פאַר פראָגרעס צו דער 21־טער קאָנווענשן.—בר. 478; טשערקאַווסקי, סעק.

גראַטולירן אַייך צו דער 21־טער קאָנווענשן פון אַ. ר. — בר. 466 אַ. ר.

מיר ווינשן אַייך צו פייערן די 22־טע קאָנווענשן מיט 100,000 מיטגלידער. — בר. 507 אַ. ר.; חאַיט, סעק.

בעסטע גליקוואונשן פאַר שטענדיקן ערפאָלג. — בר. 510 אַ. ר.

נעמט אונזערע הערצלאַכע גליקוואונשן פאַר ערפאָלג. מיר זיינען מיט אַייך אין אַייער פייערן דעם זיג אין מאַסס. מיר וועלן מאַכן קאַליפאָרניע שטאַרק פאַר'ן אַ. ר. — בר. 512, לאָס אַנדזשעלעס; פאַבער, סעק.

מיר באַגריסן די קאָנווענשן. זאָל אונזער רינג אַרומרינגלען דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. — בר. 534; דוד פרעסמאַן, סעק.

גראַטולירן מיט אונזער 21־טער קאָנווענשן. מיר האָפן צו זען אַ פאַראייניקטן אַ. ר. — בר. 572, טאָראָנטאָ; עפשטיין, סעק.

מיר גראַטולירן די דעלעגאַטן פון 21־טער קאָנווענשן פון אַ. ר. מיר ווינשן אַייך ערפאָלג אין אַייערע צוקונפטיקע אונטערנעמונגען. — בר. 574 אַ. ר.; מ. דעוואַק, סעק.

מיר גראַטולירן אַייך מיט דער 21־טער קאָנווענשן, דערמיט וואָס איר האָט צוריקגעוואונען מאַסס. טעריטאָריע. מיר ווינשן אַייך ערפאָלג. — בר. 587, אקראָן, אָהייאָ; האָכמאַן, סעק.

מיר באַגריסן אַייך צו דער 21־טער קאָנווענשן. מיר ווינשן אַייך גליק און ערפאָלג. מיר האָפן דאָס צו אונזער 22־טער קאָנווענשן וועט אונזער מיטגלידערשאַפט פאַרדאָפּלט ווערן. — בר. 612, פוטמאַן, קאָנג.

טייערע דעלעגאַטן. מיר דריקן אויס אונזערע הערצלאַכסטע גליקוואונשן צו די פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן פון דער 21־טער קאָנוו. פון אַ. ר.. מיר האָפן דאָס אַלס אונזערע פאָרשטייער וועט איר עררייכן די צילן, וועלכע זיינען אובאַדינגט נויטווענדיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונזער באַליבטן אָרדן, און דאָס איז גייסטיקע אַנטוויקלונג. הייבט אויף דעם פאַקל פון ליכט און קולטור. מיר ווילן ניט אַ שווערן גוף אָן אַ נשמה. — דער קאָרוס בר. 625; ראָזענטאַל, סעק.

עררייכט די אַרבעט, וואָס איר האָט אונטערנומען. — בר. 645.

דער דעבס ענגליש־שפּרעכנדער בר. 665 שיקט זיינע באַגריסונגען צו דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשן פון אַ. ר. די רעזולטאַטן פון אַייערע פאַרהאַנדלונגען זאָלן זיין אַ פאַרגרעסערטע און פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע. — בר. 665 אַ. ר.

מיר גראַטולירן אַייך צו דער 21־טער קאָנווענשן. ווינשן אַייך בעסטן ערפאָלג אין אַייער אַרבעט.—בר. 667, פאָל־ריווער, מאַסס. דובראָווסקי, סעק.

בר. 219, אַבראַמאָוויטץ, סעק., ווינשט דאָס אַלע פּלענער פון אַ. ר. זאָלן זיין געקרוינט מיט ערפאָלג.

בר. 225, זאַטץ, סעק., באַגריסט די דעלעגאַטן און פאָדערט זיי אויף צו אַרבעטן פאַר'ן וואוילזיין פון אַ. ר. אונזער מאָטאָ: איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע.

בר. 250, רובין, סעק., ווינשט דאָס פון באָסטאָן זאָל ווידער קלינגען דער גלאָק פון פרייהייט פאַר אַ בעסערער, גליקלאַכערער וועלט.

בר. 275, קאַלאַדני, סעק., ווינשט די קאָנווענשן גוטע רעזולטאַטן.

בר. 288, שמולאַוויטץ, סעק., ווינשט דאָס פון דער קאָנווענשן זאָלן אַרויסקומען גוטע רעזולטאַטן פאַר אונזער באַליבטער אָרגאַניזאַציע.

בר. 322 באַגריסט די 21־טע קאָנווענשן און ווינשט לאַנגע יאָר דעם אַ. ר.

בר. 349, שיף, סעק., באַגריסט די קאָנוו. און גראַטולירט די עקזעקוטיוו מיט'ן זיג אין מאַסס. דער וואונש פון אונזערע מיטגלידער

איז, אַז עס זאָל זיין איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע.

בר. 386, פינקעלשטיין, סעק., באַגריסט די זיגעס־קאָנווענשן. „לאַנג לעבע דער אַ. ר.!“

בר. 387, אָדעסער, אין שיקאַגאָ, באַגריסט הערצלאַך די קאָנווענשן און ווינשט ווייטערדיקע ערפאָלגן.

בר. 395, ראָק־איילאַנד, איילל., באַגריסט דעם אַרבייטער רינג מיט'ן זיג אין מאַסס.

בר. 450, ראָז, סעק., ווינשט אַז דער גייסט פון גערעכטיגקייט און ברידערלאַכקייט זאָל הערשן אויף דער קאָנווענשן אין אַ פעסטן רינג פון אַרבעטער פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט.

בר. 493, ניו־הייווען, קופערמאַן, סעק., ווינשט אַן ערפאָלגרייכע קאָנווענשן.

בר. 541, שיקאַגאָ, ווינשט די קאָנווענשן צו זיין ערפאָלגרייך.

בר. 546, מידערווילעדזש, גאָלדסמיט, סעק., באַגריסט הערצלאַך די קאָנווענשן. „זייט געגריסט, 21־טע קאָנווענשן, טוט אויף גוטע אַרבעט פאַר'ן וואוילזיין פון אַ. ר.“

בר. 615, מוזיקאַל סאָסייעטי, זעלדין, סעק., באַגריסט די קאָנווענשן און ווינשט קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פאַר דעם גרעסטן אַ. ר.

בר. 637 באַגריסט די קאָנווענשן. „מיר האָפן דאָס די צייט וועט קומען, ווען אַלע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט וועלן זיין איין קייט און אַ בעסערע וועלט וועט דעמאָלס זיין צו לעבן.

בר. 639, מאַנאַוויץ, סעק., באַגריסט די קאָנווענשן און ווינשט די דעלעגאַטן ערפאָלג אין זייער אַרבעט.

## טעלעגראַמען פון אַרבייטער רינג קערפערשפטן

מיר גראַטולירן אייך מיט'ן זיג אין מאַסס. מיר האָפן דאָס איר וועט אונז געבן אייער צוטרוי און אויך די אונטערשטיצונג פון אַ. ר. צו מאַכן די קאָאָפעראַטיווע באַוועגונג אַ קעמפענדן פאַקטאָר אין דער עמאַנציפּאַציע פון אַרבעטער־קלאַס אויפ'ן אינדוסטריעלן און עקאָנאָמישן געביט. דער אַ. ר. האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין מיסערפאָלג. — די קאָאָפעראַטיווע אַסאָציאַציאָן פון אַ. ר., 1077 אינטערוואַייל עוועניו.

מיר גראַטולירן דעם אַ. ר. צו זיין 21־טער קאָנווענשן מיט דעם זיג אין מאַסס. סטייט. מיר ווינשן דאָס די אַלטע און נייע מיטגלידער זאָלן אַרבעטן האַרמאָניש פאַר דעם וואוילזיין פון געזונטע און קראַנקע מיטגלידער פון אַ. ר. גלייך. — פּאַציענטן פון אַ. ר. סאַניט.

דער אָפיס־סטעף פרייט זיך מיט דעם זיגרייכן סוף פון די קאַמפן פאַר'ן רעכט צוגעלאָזט צו ווערן אין מאַסס. סטייט. זאָל די קאָנווענשן זיין דער קוואַל, פון וועלכן אידעען זאָלן אַרויסשפּריצן, וועלכע זאָלן ניט נאָר גרויס מאַכן אונזער אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. אונזערע הערצער זיינען אין דער אַרבעט און מיר וועלן אונזערע גאַנצע כחות אַוועקגעבן צו אונזערע אויפגאַבן. לאַנג לעבן זאָל אַ פאַרייניקטער אַ. ר. — אָפיס־סטעף פון אַ. ר.

זאָלן אייערע פאַרהאַנדלונגען ברענגען מער סאָלידאַריטעט צווישן די אַרבעטער־מאַסן. מיר וועלן נאָך דערלעבן צו זען ווי דעבס וועט קומען פון זיין תפיסה צו גרינדן אַ ריכטיקע דעמאָקראַטיע. שרייט אויס גלאָררייכע בשורות, חברים, דער אַרבעטער־קלאַס וועט זיין פריי. — דיסטריקט קאָמיטע פון לאָס אַנדזשעלעס; סיימאַן, סעק.

מיר גראַטולירן די דעלעגאַטן פון דער האָסטרישער מאַסאַטשוזעטס קאָנווענשן. זאָלן אייערע פאַרהאַנדלונגען ברענגען די מאַקסימאַלע רעזולטאַטן. זאָל די קאָנווענשן זיין דער אָנפאַנג פון איין אַ. ר. — נאָרד־וועסט דיסטריקט קאָמיטע; ד. שייער, סעק.

מיר גראַטולירן אונזער 21־טע קאָנווענשן, וועלכע איז פאַרזאַמלט אין באָסטן דעם יאָר. אונזערע בעסטע פאַרלאַנגען זיינען ערדייכט געוואָרן. מיר האָפן דאָס די נעקסטע קאָנוו. וועט געהאַלטן ווערן מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 120 טויזענט. — די קאָנפערענץ פון דיסטריקט קאָמיטעט אין וויסקאָנסין, אָפּגעהאַלטן דעם 1־טן מאַי 1921.

הערצלאַכסטע גראַטולאַציעס צו די דעלעגאַטן און באַאַמטע פון אונזער באַליבטן רינג. זאָל אייער אַרבעט געקרוינט ווערן מיט ערפאָלג. געדענקט אונזערע קראַנקע פריינד אין לאָס אַנדזשעלעס און אויך דעם סאַניטאַריום. גריסן אונזערע דעלעגאַטן, — דיסט. קאָמ. פון נאָרד קאַליפאָרניע און בר. 114 פון סאַן פראַנציסקאָ.

ערפאָלגרייכע רעזולטאַטן פון אייערע פאַרהאַנדלונגען אויף דער זיגעס־קאָנווענשן. — אַ. ר. באַנד, ניו־הייווען.

גליקוואונשן פאַר אַ גרעסערן און שטאַרקערן אַ. ר. — אָרג. קאָמ., סענט לואיס.

באַגריס די קאָנווענשן. זאָלן די דעלעגאַטן געדענקן, אַז מיר זיינען אַ טייל פון אידישן פאָלק און דעריבער מוזן מיר זיך באַטייליקן אין דעם קאַמף פון אידישן פאָלק פאַר זיינע אידעאַלן. — אהרן שאַפּירא, טשערמאַן סיטי קאָמיטע, לאָס אַנדזשעלעס.

מיר גראַטולירן אייך הערצלאַך. געדענקט די 22־טע קאָנווענשן צו מאַכן אין קליוולאַנד. זאָל זיין אונזער שלאָגוואָרט איין אַ. ר. אין אַמעריקע. — דיסט. קאָמ. פון קליוולאַנד.

ווינשן אייך ערפאָלג אין דער אַרבעט פון אונזער זיגעס־קאָנווענשן. — דיסט קאָמיטע טאָראָנטאָ; ה. שטיין, סעק.

גראַטוליר הערצלאַך די 21־טע קאָנווענשן. — דר. אַנטאָנאָווסקי, סופּערינטענדענט פון סאַניטאַריום.

גראַטולירן מיט'ן זיג פון טשאַרטער אין מאַסס. — סיטי קאָמ. באָפאַלאָ; פישער, סעק.

אונזער האָפנונג איז ערדייכט. זאָל אונזער אַרבעט אימער זיין ערפאָלגרייך. — אַ. ר. לייסעאום פון פילאַדעלפיע.

איר האָט פאַרברייטערט דעם איינפלוס פון אַ. ר. אויף נייע טעריטאָריעס. אין נאָמען פון לייבאָר לייסעאום, דער גלאָררייכער אויפטו פון שיקאַגאָר ברענטשעס, גראַטוליר איך אייך. — ל. גאָלדין, מענעדזשער.

חברים, מיר טיילן מיט אייך מיט די שמחה פון זיג. האָפן דאָס אונזערע מאַסס. חברים פון דער לייבאָר ליג וועלן פאַרייניקט מיט אונז אַרבעטן פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון אַרבעטער־קלאַס. — סיטי קאָמ. אַ. ר., שיקאַגאָ.

אין דעם נאָמען פון די אומקליקלאַכע קאָנסאָמפּטיווס גראַטולירן אייך די עקס־פּאַציענטן פון דענווער, קאָלאָראַדאָ. מיר דאַנקן אייערע ברענטשעס פאַר דער הילף, וואָס מען האָט אונז געגעבן. זאָל דער אַ. ר. פאָרזעצן זיין אַרבעט אין אָפּשאַפן די ווייסע פּלאָג און אָרימקייט. — סיימאָן קוויט, פּרעז.; בלומבערג, סעק.

בעסטע גליקוואונשן פאַר ערפאָלג אין אייערע אונטערנעמונגען. הורויי פאַר דעם אַ. ר. אין מאַסס. — סעמעטערי דעפּט. פון אַ. ר.

מיר גראַטולירן אייך מיט ערפאָלג צו דער 21־טער קאָנווענשן און אַפּעלירן פאַר שטיצע. —לייבאָר לייסעאום קאָמ., עליזאַבעט, נ. דזש.

## אַפּילס פאַר פאַרייניגונג

מיר גראַטולירן אייך צו אייער קאָנווענשן. מיר האָפן דאָס איר וועט געווינען אַ וועג צו פאַרייניקן ביידע רינגס. — בר. 21 אינדעפּענדענט אַרב. רינג, פראַנינגאַם, מאַסס.

צום אַנדענקן פון אונזער זיג, וועלכער וועט פירן צו איין אַ. ר. אין אַמעריקע, האָבן מיר פאַראַנשטאַלט אַ קאָנצערט. מיר דערוואַרטן יעדן דעלעגאַט צו קומען אין אינטערנאַציאָנאַלן האָל אין ראָקסבערי, מאַסס. — בר. 18 לייבאָר ליג.

נעמט אָן אונזערע הערצלאַכע באַגריסונגען צו דער 21־טער קאָנווענשן אין באָסטן. מיר האָבן געדולדיק געוואַרט מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר וועלן זיגן, און ענדלאַך איז דער זיג געקומען. לאַנג לעבן זאָל איין אַ. ר. אין אַמעריקע. — בר. 10 לייבאָר ליג; רעגענסבערג, טשערמאַן.

מיר גראַטולירן אייך און דערוואַרטן דעם טאָג, ווען מיר ווערן פאַרייניקט אין איין גרויסער אָרגאַניזאַציע.—לייבאָר ליג בר. 52.

עמפּפאַנגט אונזער איינשטימיקע הסכמה פאַר פאַרייניגונג. — בר. 9 לייבאָר ליג.

מיר האָבן ענדלאַך דערלעבט דעם טאָג וואָס די קאָנווענשן איז אָפּגעהאַלטן אין באָסטן. 11 יאָר האָבן מיר געוואַרט. — בר. 36 לייבאָר ליג; פאול, סעק.

## טעלעגראַמען פון אַרב. רינג טוער

איך באַגריס אייך און גראַטוליר אייך הערצלאַך מיט דעם וואונדערלאַכן ערפאָלג צו האָבן אַ קאָנווענשן אין באָסטן. זאָל אַלע אייערע אַנדערע אַרבעט זיך קרוינען מיט אַזאַ ערפאָלג, ווי די אַרבעט פון מאַסס. טשאַרטער. זאָל איינציגקייט עררייכט ווערן. — ר. אַש, סעק. סעמ. דעפּאַרטמענט.

איך באַגריס אַלע דעלעגאַטן. איך ווינש דאָס די אַרבעט פון דער דאָזיקער קאָנווענשן זאָל ברענגען איינציגקייט אין אַ. ר. — בר. פרישוואַסער, מיטגליד סאַנ. קאָמיטע.

הערצלאַכע גליקוואונשן פאַר ערפאָלגרייכע פאַרהאַנדלונגען צו דער זיגעס־קאָנווענשן. זאָל אונזער שלאָגוואָרט זיין איין אַרבייטער רינג אין אַמעריקע. — ס. רייס, דירעקטאָר פון קאָנעקטיקוט.

גראַטוליר די קאָנווענשן פון אַ. ר. אין דער שטאַט, פון וועלכער מיר האָבן ביז אַהער בלויז געחלומ'ט. איך האָף דאָס איר וועט טאָן דאָס בעסטע וואָס איז נאָר מעגלאַך. — אייער פריינד ווי תמיד, ד. שיער, דירעקטאָר פון מינעסאָטע.

אַ קאָנווענשן אין מאַסס. איז אַ פאַרווירקלאַכונג פון אַ חלום, מיט וועלכן עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן פיל פאַרוואַלטונגען. אַלע מיטגלידער פון די ביזאַהעריקע פאַרוואַלטונגען דאַרפן ווערן גראַטולירט מיט דעם דאָזיקן אויפטו. — באַרים פינגערהוד.

באַדויער וואָס איך קען ניט זיין מיט אייך. ווינש דעם בעסטן ערפאָלג.—עבעריל, מיטגליד פון עקזעקוטיוו קאָמיטע.

טראָצדעם וואָס איך בין ניט מיט אייך, איז מיין נשמה און האַרץ מיט אייך. ווינש ערפאָלג. — אַלפערט, מיטגליד פון עקז. קאָמיטע.

גראַטוליר. האָף דאָס די מאַסס. חברים וועלן פאַרשטיין די וויכטיגקייט פון איין אַ. ר. אין אַמעריקע.—מ. וואָלפערט, געוועזענער מיטגליד פון קאָנטראָל קאָמיטע.

עמפּפאַנגט די גליקוואונשן פון איינעם, וועלכער האָט געאַרבעט מיט אייך יאָרן. דער שטח פון 3 טויזענט מייל קען מיך ניט אָפּטיילן פון אייך. קאַליפאָרניע וועט נעקסטן יאָר דאָפּלען די מיטגלידערשאַפט פון אונזער אָרג. עס איז שוין צייט, איר זאָלט אַמאָל האָבן די קאָנווענשן אין זוניגן וועסט. ווינש בעסטע רעזולטאַטן. — ה. שער, געוועזענער מיטגליד פון עקזעקוטיוו.

איך פריי זיך מיט אייך איבער אייער זיג. — מ. פ. בנימין.

אימער פאָרווערטס, גרעסער און שטאַרקער. — פּערלאָוויץ, דירעקטאָר מערילאַנד.

הערצלאַכסטע גליקוואונשן צו דער עקסקורשן אין מאַסס. — סעם בראָנשטיין.

נעמט אָן מיינע הערצלאַכע באַגריסונגען און גראַטולאַציעס צו דער ערפאָלגרייכסטער קאָנווענשן פון אונזער באַליבטער אָרגאַניזאַ־

ציע, וועלכע עס איז ווען אָפּגעהאַלטן געוואָרן. מיר אַלע זיינען באַרייט צו אַרבעטן פאַר מער גלאָרי און פאַר אַ גרעסערן אַ. ר.—י. ראָטמאַן.

לאַנג לעבן זאָל דער אַ. ר.—סעמועל עלקין.

הערצלאַכע באַגריסונגען צו דער 21־טער קאָנווענשן. זאָל האַרמאָניע הערשן אויף דער פאַרזאַמלונג און איר זאָלט אָננעמען אַזעלכע באַשלוסן, וועלכע זאָלן פאַרשטאַרקן די איינִיגקייט פון אַלע אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע און קענעדע אונטער דער פאָן פון איין אַ. ר. — ל. מעלטצער, טשיף אָרגאַנייזער און אַגענט פון קענעדע.

חברים דעלעגאַטן, איינער פון די עלטסטע וועטעראַנען פון אַ. ר. גראַטולירט אייך הערצלאַך צו אונזער 21־טער קאָנווענשן פון אַ. ר. ער האָפט דאָס איר וועט ברינגען אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער. טוט אייער פליכט, חברים, און איך ווינש אייך ערפאָלג.—מ. שטראַסמאַן.

איך גראַטוליר די 21־טע קאָנווענשן און ווינש אייך דעם בעסטן ערפאָלג אין אייער אַרבעט. איך האָף דאָס צו דער נעקסטער קאָנווענשן וועט זיין איין אַ. ר. אין אַמעריקע און האָף דאָס די נעקסטע קאָנווענשן וועט ברענגען 100 טויזענט מיטגלידער צום אַ. ר. איך האָב געוואָרט אויף דער קאָנווענשן 15 יאָר און איך בין שטאָלץ דאָס מיר האָבן ענדלאַך ערריכט אונזער פאַרלאַנג. — ב. אונרוטצקי, טשערמאַן פון בר. 667, פאָל־ריווער, מאַסס., 298 ספּרינג סטריט.

חברים און פריינד, איך בין זעהר שטאָלץ וואָס איך באַגריס די קאָנווענשן פון אונזער גרויסער אָרגאַניזאַציע, פון וועלכע איר זייט פאָרשטייער. זאָלן אונזערע צילן זיין אימער ערריכט. — הייטאַן ל. סיימאָנס, סטייט סעק. פון קאַליפאָרניא פון אַ. ר.

הערצלאַכע גראַטולאַציעס צו דער ערשטער קאָנווענשן פון דער ניו־עראָבערטער טעריטאָריע. זאָלן אייערע באַשלוסן זיין האַרמאָניש צו דערהייבן און בילדן אונזער ליבן חינוך.— נתן האַלפּערין, מעמבער פון עקזעקוטיוו 1907 און 1909.

## טעלעגראַמען פון אַרבייטער רינג שולן

זאָל די קאָנווענשן שענקן אויפמערקזאַמקייט צו אונזער צוקונפטיקן דור. מיר האָפן דאָס איר וועט אונז האָבן אין זין. — פּיטסבורג אַ. ר. שול; רעזניק, סעק.

מיר ווינשן אייך ערפאָלג צו דער 21־טער זיגעס־קאָנווענשן.—בראָנזווילער אַ. ר. שולע.

האַרלעמער אַ. ר. שולע באַגריסט די 21טע קאָנווענשן פון אַ. ר. מיר ווינשן גרנים ערפאָלג. — אַ. ר. שולע.

מיר, די קינדער פון דעטראָיטער אַ. ר. שול, 80 אין צאָל, באַגריסן און גראַטולירן די 21־טע קאָנוו. פון אַ. ר. — ב. דאָקסער, סעק.

## באַגריסונגען צו דער א. ר. שולן־קאָנווענשן אין קליוולאַנד

מיר באַגריסן די קאָנווענשן און ווינשן אייך גליק פאַר אַן ערפאָלגרייכער קאָנווענשן. —ר. ישורין, נאַציאָנאַלער טשערמאַן פון אַ.ר.

די אַ. ר. שולן זיינען געוואָרן אַ וויכטיקער און אומאָנטבערלאַכער טייל פון אונזער בילדונגס־אַרבעט. אייער קאָנווענשן איז פון גרעסטער וויכטיגקייט און אינטערעס פאַר אַלע מיטגלידער פון אַ. ר., וועלכע קענען ווירדיקן די בילדונגס־אַרבעט פון אונזער אָרגאַניזאַציע. זאָל אייער אַרבעט געקרוינט ווערן מיט ערפאָלג. — י. באַסקין, גענ. סעק.

הערצלאַכע גראַטולאַציעס צו אייער קאָנווענשן. זאָל די דאָזיקע פאַרזאַמלונג פאַרשטאַרקן די פּרינציפּיעלע און די פּראַקטישע זייט פון אונזערע שולן. פון אייער אַרבעט און באַשלוסן איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון אַ. ר. שולן. — פּ. געליבטער.

מיר באַדויערן וואָס אומשטענדן, וועלכע זיינען ניט אונטער אונזער קאָנטראָל, דערלויבן ניט די טאָראָנטער שולע צו זיין פאַרטראָטן אויף דער קאָנווענשן. נאָר כאָטש מיר זיינען פיזיש ווייט, זיינען מיר אָבער נאָענט אין גייסט מיט אייך. דערלויבט אונז אייך צו ווינשן דעם בעסטן ערפאָלג אויף דעם פעלד פון דערציאונג פון קינדערלאַך פון די אַרבעטער־מאַסן. — ה. ריגעל הויפּטלערער; ראָזע בראָנשטיין, י. אַדלער, מ. קיילער, דאָרא ווילענסקי, צ. קאַמאַר, ז. קאַמאַר, פון פּרץ שולע, טאָראָנטאָ.

הערצלאַכע באַגריסונגען צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון אַ. ר. שולן.—באַלטימאָרער שולן.

אונזערע הערצלאַכסטע גראַטולאַציעס צו די פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן און מיר ווינשן אייך גליק פאַר אַן ערפאָלגרייכער קאָנווענשן. — אַ. ר. שולע, קעמדען ,נ. דזש.; נאַדיר, סעק.

מיר ווינשן אייך ערפאָלג. זאָל אייער אַרבעט ברענגען גוטע רעזולטאַטן. — בראָנזווילער אַ. ר. שולע.

באַגריסונגען און גליקוואונשן פון נאָרדוועסט אַ. ר. שולן.

מיר זיינען מיט אייך. ווינשן אייך ערפאָלג אין אונזער אַלגעמיינער אַרבעט און מיר האָפן אַז איר וועט שאַפן אַ וועג דאָס אַלע שולן זאָלן זיין פאַרטראָטן ביי די קומענדע צוזאַמענפאָרן.

אין נאָמען פון מינעאַפּאָליסער אַ. ר. „יעקב דינענסאָן“ שולע, באַגריסן מיר אייך צו דעם לערער־צוזאַמענפאָר. מיר האָפן דאָס אַ סך וועט ערריכט ווערן צו פאַרבעסערן די באַדינגונגען פון דער נייער פאַרוואַלטונג. — סטאָן, סעק.

האַרלעמער שולע באַגריסט די קאָנווענשן. ווינשט ערפאָלג און ערוואַרט גוטע רעזולטאַטן. — שול־פאַרוואַלטונג.

מיר באַגריסן אייך און ווינשן אייך ערפאָלג. — קליין, קינדער־וועלט.

## באַגריסונגען און טעלעגראַמען פון פריינדלאַכע אָרגאַניזאַציעס צו דער 21־טער קאָנווענשן אין באָסטאָן

די יוניאָן פון די אַרבעטער פון דער אינטערנעשאָנאַל דאַמען־קליידער אינדוסטרי, אין נאָמען פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט, באַגריסט אייך הערצלאַך און שיקט אייך אַ מעסעדזש פון ברידערלאַכער פריינדשאַפט און דערמונטערונג צו דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשן פון אַ. ר. אין דעם פאָרווערטס־מאַרש פון די אַרבעטער צו אַ גרויסן און גלאָררייכן צוזאַמענלעבן פון פרייער און גליקליכער אַרבעט, פאַרנעמט אייער אָרגאַניזאַציע אַ פּלאַץ אין דער פראָנט מיט זיינע אימער־וואַקסנדע כחות. לאַנג לעבן און געדייען זאָל אייער אָרגאַניזאַציע. — בנימין שלעזינגער, פּרעזידענט; אברהם באַראָף, סעק.

טייערע חברים, דער צענטראַל פאַרבאַנד און דער הילפס־פאַרבאַנד פון „בונד“ שיקן אין דעם נאָמען פון אונזערע אַלע אָרגאַניזאַציעס זייערע אויפריכטיקע און הערצלאַכע באַגריסונגען. דער אַ. ר. האָט אַלע מאָל געהאָלפן און געשטאַרקט אונזערע חברים פון דער אַנדער זייט. דער אַ. ר. האָט אַלע מאָל דערוויזן אַ גייסט פון סאָלידאַריטעט אין די קאַמפן פון די אידישע אַרבעטער אין פּוילן. זאָל אייער קאָנווענשן נאָך שטאַרקער מאַכן די פאַרבינדונגען פון פריינדשאַפט און ברידערלאַכע הילף צווישן דעם אַ. ר. און דעם „בונד“. — וולאַדעק.

ברידערלאַכע באַגריסונגען און גליקוואונשן פאַר אַן ערפאָלגרייכער קאָנווענשן און אַן אימער וואַקסנדער מיטגלידערשאַפט און מאַכט פון אַ. ר. — נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון סאָצ. פּאַרטיי; אָטטאָ בראַנדשטעטער, סעק.

מיר גראַטולירן אייך מיט אייערע ערפאָלגן אין דער פאַרגאַנגענהייט און מיר האָפן פאַר נאָך גרעסערע רעזולטאַטן אין דער צוקונפט. זייט געגריסט אין נאָמען פון דער סאָצ. פּאַרטיי פון מערילאַנד. — ניישטאַדט, סטייט סעק.

איך האָב ערוואַרט צו זיין אַנוועזנד אויף אייער קאָנווענשן און באַגריסן אייך אַלס מיטגליד פון אַ. ר. און אַלס רעדאַקטער פון „צייט“. עס טוט מיר לייד וואָס איך האָב ניט געקענט דערוויזן צו זיין מיט אייך. אין דעם נאָמען פון „צייט“ גראַטוליר איך אייך הערצלאַך צו אייער 21־טער קאָנווענשן מיט דעם וואונדערלאַכן וואוקס פון אַ. ר. מיר ווינשן אייך ווייטערע ערפאָלגן און אַ גוטע אידישע האַרץ, אויך פריינדלאַכע באַציאונגען מיט די „צייט“. — דוד פּינסקי.

די מיטגלידער פון ניו־יאָרקער דזשאָינט באָאַרד פון די אַמאַלגאַמייטעד קליידער־אַרבעטער פון אַמעריקע באַגריסן אייך, דעלעגאַטן, צו דער 21־טער קאָנווענשן פון אַ. ר. און מיר שיקן אייך הערצלאַכע גליקוואונשן, אַז אייערע פאַרהאַנדלונגען און באַשלוסן זאָלן העלפן אויפצוהייבן דעם גייסטיקן און פּאָליטישן צושטאַנד פון די אַרבעטער־מאַסן. אין די יעצטיקע כוואַליעס פון רעאַקציע איז דער אַ. ר. ווי אַ לייכטענדער טורם, וועלכער צייגט אָן אַ ריכטיקן וועג דורך אימערדויערנדע קאַמפן, צו דעם ענדציל פון דער אַרבעטער־עמאַנציפּאַציע. — נ. י. דזשאָינט באָרד פון אַמאַלגאַמייטעד קליידער אַרבעטער פון אַמעריקע; פּ. מאָנאַט, סעק.־טרעזשורער.

אין דעם נאָמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער יוניאָן פון פוטער אַרבעטער באַגרים איך אייך צו אייער 21־טער קאָנווענשן. איך האָף דאָס איר וועט ברענגען ערפאָלג צו אייער אָרגאַניזאַציע און פאַרשטאַרקונג צו דעם אַרבעטער־קלאַס אַלס גאַנצן.—מ. קויפמאַן, פּרעז.

דער אידישער פאָלקס־רעליף קאָמיטעט פון באָסטאָן גראַטולירט אייך צו אייער 21־טער קאָנווענשן. מיר זיינען זיכער דאָס די מיטגלידער פון דעם אַ. ר. וועלן אין דער צוקונפט, אַזוי ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַרבעטן פאַר'ן רעליף פון די אידישע מלחמה־קרבנות. — פּיפּלס רעליף קאָמיטעט פון באָסטאָן; אב. האַמלין, סעק.

אייער פאַרזאַמלונג פון די דעלעגאַטן און אייערע פאַרהאַנדלונגען זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט דעם גרויסן גייסט פון אייער מיטגלידערשאַפט. מיר ווענדן זיך צו אייך נאָך הילף פאַר אַ טעגלאַכער אַרבעטער־פּרעסע אין שיקאַגאָ. איר דעמאָנסטרירט אַלע מאָל אייער קלאַסנבאַוואוסטזיין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער אַנטייל פון אַ. ר. מיטגלידער אין דעם פּאַראַד פון 1־טן מאַי אין שיקאַגאָ איז געוועזן גרויס. — מ. בעקאַל.

הערצלאַכע גראַטולאַציעס צו אייער קאָנווענשן און אויפריכטיקסטע גליקוואונשן פאַר אייער דויערנדן ערפאָלג. — וואָטער־פּרוף קליידער־אַרבעטער יוניאָן, לאָק. 7.

מיר גראַטולירן אייער יערלאַכע קאָנווענשן און מיר ווינשן אייער נאָבעלער אָרגאַניזאַציע דעם בעסטן ערפאָלג. — דאָגלאַס פּאַרק אידישע טאָג און נאַכט נורסערי פון שיקאַגאָ.

זאָל דער נייער עראָבערטער שטאַט זיין דער פונדאַמענט פון אַ פּרעכטיקער בילדינג, וועלכע זאָל פאָרשטעלן די גאַנצע אידישע אַרבעטערשאַפט און זאָל זיין באַצירט מיט פריינדשאַפט, טאָלעראַנץ און ערפאָלג. — ה. סלעק.

זאָלן אייערע פאַרהאַנדלונגען זיך שליסן ערפאָלגרייך. — סענטראַל אָרג. פון אידישע סאָצ. ברענטשעס.

דאָס אידישע נאַציאָנאַלע יתומים־הויז ווינשט דאָס אייערע פאַרהאַנדלונגען זאָלן זיין ערפאָלגרייך פאַר אייער גרויסאַרטיקן אָרדן. — לעאָ לערנער, פּרעז.

זייט געגריסט. ערריכט אַ בעסערע וועלט. — פּאַציענטן פון דענווער רעליף סאָסייעטי.

זאָל אייער אָרגאַניזאַציע זיין אַ קוואַל פון

באַגייסטערונג פאַר אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. — דזשאָינט באָרד קלאָוקמייקערס יוניאָן, באָסטאָן.

אייער אַרבעט איז פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט. — באָרד אָף דירעקטאָרן פון קאַנס. רעליף פון קאַליפאָרניע.

ברידערלאַכע באַגריסונגען צו די באַאַמטע און דעלעגאַטן. ווינשן ערפאָלג. — באַרבערס יוניאָן, לאָק. 752; גרינוואַלד, סעק.

ווינשן אייך ערפאָלג אין אַלע אייערע אונטערנעמונגען. — מאָטער ליג פון בראָנקס.

גראַטולירן פאַר דער אַרבעט פון אידישע ראַדיקאַלע אַרבעטער. — מזרח אָפּטיילונג פון מלחמה וועטעראַנען; קאָהען, סעק.

פון דער טיפעניש פון אונזער האַרץ ווינשן מיר אייך ערפאָלג. — ליוושיטץ, דזשאָינט קאָונסיל פון קעפּמייקערס.

דערמאָנט די דעלעגאַטן צו פאַרגרעסערן די רעליף פאַר'ן דענווער פאָנד פאַר קראַנקע מיטגלידער פון אַ. ר. — ראָוז, סעק.

די סטייט קאָנווענשן פון פּיפּלס רעליף, פאַרזאַמלט אין קאָלומבוס, אָהייאָ, גראַטולירט די 21־טע קאָנווענשן פון אַ. ר. מיר האָפן דאָס אייערע מיטגלידער וועלן אין דער צוקונפט, אַזוי ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַרבעטן מיט אונז. — עקז. קאָם. פון אָהייאָ רעליף.

גראַטולירן די אָרג., וועלכע העלפט צו פאַרשטאַרקן די סאָציאַליסטישע אידעען צווישן די אידישע מאַסן. אייער ערפאָלג איז אויך אונזער ערפאָלג. — ביוראָ פון אידישע סאָצ. פעדעראַציע, קליוולאַנד, אָהייאָ.

ווינשן אייך ערפאָלג אין דער צוקונפט פאַר אינדוסטריעלער פרייהייט. — פּיטסבורג שארר.

ווינשן אייך גליק און ערפאָלג. — על־דרידזש דייז נוירסערי; מאָרגענפעלד, פּרעז.

גראַטולירן מיט'ן זיג נאָך אַזאַ לאַנגן קאַמף. אייער זיג זאָל זיך אָפּרופן אויף אַלע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס. פאָרווערטס מיט גוטער אַרבעט. — דזשאָינט באָרד פאָריערס יוניאָן; בראָנשטיין, מענעדזשער.

אייערע ערפאָלגן זיינען אַ קוואַל פון באַגייסטערונג פאַר די, וועלכע שטרעבן צו דער עמאַנציפּאַציע פון אַרבעטער־קלאַס. — מאַקס צוקערמאַן, סעק. קעפּ מייקערס.

זאָלן אייערע פאַרהאַנדלונגען מיטווירקן פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון אַרבעטער־קלאַס. — מאָלדען לייבאָר לייסעאָום.

אין די צייטן פון ליידן און קאַמפן פון אַרבעטער־קלאַס איז בילדונג פאַר אַרבעטער־מאַסן מער נויטווענדיק ווי אַלע מאָל. אייער הילף האָט אַ סך מיטגעווירקט אונזער ערפאָלג. גוט אייער אַרבעט ווייטער. זאָלן אייערע פאַרהאַנדלונגען זיין ערפאָלגרייך.—יונייטעד לייבאָר עדיוקיישן קאָמיטע; בודיש, טשערמ.

די געזעלשאַפט פאַר טעכניקאַל הילף פאַר סאָוויעט רוסלאַנד באַגריסט אין דעם נאָמען פון רוסישע אַרבעטער. גראַטולירן מיט די ערפאָלגן פאַר די לעצטע 20 יאָר. מיר זיינען מיט אייך מיט'ן האַרץ און מיט דער נשמה. — קעסעלמאַן, עקז. סעק.

טייערע חברים, מיר גראַטולירן אייך מיט דער זיגרייכער קאָנווענשן. מיר אנערקענען די גרויסע שטיצע, וואָס אייער אָרגאַניזאַציע האָט געלייסטעט פאַר די אומגליקלאַכע מלחמה קרבנות. מיר דאַנקן אייך און ווינשן אייך גוטס פאַר ווייטער. — פּיפּלס רעליף קאָמיטעט; גאַרעליק, אַסיסטענט מענעדזשער.

הערצלאַכע באַגריסונג צו דער 21־טער קאָנווענשן פון אַ. ר. — יוניאָן־הילל פרויען־אַרבעטער פאַריין.

ווינשן אייך ערפאָלג אין אייער נאָבעלער אַרבעט. דאַנקן פאַר דער העפלאַכקייט צו אונזערע פאַרשטייער.—וואָרקערס דעפענס יוניאָן.

ווינשן די פאַרייניגונג פון אַ. ר. מיט'ן אינדעפּענדענט. עמפּפאַנגט אונזערע גליקוואונשן. האָפן דאָס די שלעכטע צייטן וועלן באַקעמפט ווערן. — קאָנוו. דזשאָינט באָרד.

מיר זיינען באַזעלט פון די זעלבע אידעאַלן און מיר קעמפן צוזאַמען פאַר'ן גליק פון אַרבעטער־קלאַס. מיר ווייסן דאָס איר וועט זיך פרייען מיט אונזער זיג אין אונזער יעצטיקן קאַמף. מיר האָפן דאָס די פאַרהאַנדלונגען וועלן זיך קרוינען מיט ערפאָלג. יוסף שלאָסבערג, סעק. אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג אַרבעטער.

מיר האָבן אַלעמאָל געקוקט אויף אייך ווי אויף דעם אַוואַנגאַרד פון אַלע קעמפער פאַר פּראָגרעס און אַלס פּריפּעראַטאָרי שול פאַר קלאַסן־קאַמף. דער אַ. ר. איז דער שטאָלץ פון דענקנדע אַרבעטער און פּראָג. יוניאָן־באַוועגונג, ווייל דער גרויסער אַ. ר. לערנט זיינע מיטגלידער דאָס עקאָנאָמישער קאַמף איז וויכטיג פאַר אַרבעטער־עמאַנציפּאַציע. דער אַ. ר. שפּרייט זיינע מעכטיקע פליגלען איבער אַלע טעריטאָריעס פון אַמעריקע. — לואיס לאַנגער, סעקר. קלאָוק, סקוירט און ריפער מייקערס יוניאָן פון ניו־יאָרק.

# באַריכטן פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגולאַר מאָנאַטלאַכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג ווערט ערעפנט זונטאָג דעם 5־טן יוני, אום 10:30 פרי, פון טשערמאַן, פריינד ר. גוסקין.

עס ווערט באַשלאָסן אַז די פּראָטאָקאָלן פון דער עקזעקוטיוו זאָלן געמאַכט ווערן אין אַ „לוס ליף" פאָרם, און אַ קאָפּיע זאָל געגעבן ווערן צו יעדן מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו.

## צושריפטן

פון „וואָירקערס דעפענס יוניאָן", — בעטן צו נעמען זייער קערפּערשאַפט אין אנבאַטראַכט ביים איינטיילען די 2,500 דאָלאַר, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון דער לעצטער קאָנווענשן פאַר אַמנעסטיע און דעפענס צוועקן. באַשלאָסן זיי ענטפערן, אַז מיר וועלן דאָס נעמען אין אנבאַטראַכט נאָכדעם ווי דער קאָנווענשן־רעפערענדום וועט געשלאָסן ווערן.

פון בר. 121, פּעטערסאָן, — זיי דערקלערן, אַז ביי בר. 13 זיינען ניט פאָרגעקומען זייער פּינקטלאַך די וואַלן פאַר דעלעגאַטן צו דער קאָנווענשן. עס ווערט באַשלאָסן זיי ענטפערן, אַז זיי האָבן אונז געמאָלדן וועגן דעם צו שפּעט; אַז מיר באַדויערן זייער וואָס ברענטשעס באַציען זיך אַזוי לייכטזיניק צו דער פראַגע פון וואַלן, אויב דאָס איז דער פאַל ווי זיי שרייבן, און ס'איז געווען די פליכט פון זייער ברענטש אָנצוצייגן דערויף אין צייט.

פון דעם אָפּיס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, — זיי בעטן אַז ביים איינטיילן די 2,500 דאָלער, וואָס זיינען באַוויליקט געוואָרן פון דער קאָנווענשן פאַר דעפענס און אַמנעסטי צוועקן, זאָל די אַרבעט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דער ריכטונג גענומען ווערן אין אנבאַטראַכט. באַשלאָסן צו האַנדלען וועגן דעם נאָכדעם ווי דער קאָנווענשן־רעפערענדום וועט געשלאָסן ווערן.

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, — לאַדן איין צו שיקן פאַרטרעטער צו דער ערעפנונג פון זייער נייער היים, היינט, זונטאָג נאָכמיטאָג. באַשלאָסן צו שיקן צו זיי אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע.

פון אַרבעטער־רינג מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, — לאַדן איין צו שיקן פאַרטרעטער צו זייער 3־טער יערלאַכער קאָנפערענץ, זונטאָג דעם 26־טן ד. מ. באַשלאָסן איבערצוגעבן צו דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע צו ערוויילן אַהין פאַרטרעטער, ווייל זיי האָבן באַציאונגען מיט דער קאָמיטע און האָבן דעם אויפזיכט איבער מעדיצינישע אנגעלעגנהייטן.

פון דער "פרייער אַרבעטער שטימע", — זיי פאַרלאַנגען מען זאָל זיי אויסצאָלן אין פאָרווים 300 דאָלער, וואָס איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרן פון דער לעצטער קאָנווענשן, ניט וואַרטנדיק ביז דער רעפערענדום וועט געשלאָסן ווערן. עס ווערט באַשטימט, אַז מיר קענען אין דעם הינזיכט קיין אויסנאַם ניט מאַכן.

פון „ראָיעל וויקטאָריא האָספּיטאַל פון מאָנטרעאַל, — באַדאַנקן פאַר די 200 דאָלער, וואָס איז באַוויליקט געוואָרן אַלס ביישטייערונג צו זייער האָספּיטאַל.

## באַריכטן

פר. דינערשטיין באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטן ביי בר. 12, פילאַדעלפיע, ביי זייער 20־יעריקן יובילייאום. ביי זייער באַנקעט זיינען אנוועזנד געווען אַרום 600 פּערזאָן. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. דעם זעלבן זונטאָג איז אויך אין פילאַדעלפיע געווען אַ קאָנפערענץ וועגן העלפן שאַפן דעם פאָנד פאַר דער אויסשטאַטונג פון אַ האָספּיטאַל אין רוסלאַנד. די קאָנפערענץ האָט זיך פאַרפליכטעט צו שאַפן צווישן די פילאַדעלפיער ברענטשעס און מיטגלידער 5 טויזנט דאָלער פאַר דעם צוועק. ער איז דעם זעלבן טאָג אויך געווען פאַרטראָטן ביים ברענטש פון בריסטעל, פּאַ. — באַריכט ווערט גוטגעהייסן.

פר. לעוויטאַן באַריכטעט, אַז פר. מאָלאָט און ער זיינען געווען פאַרטראָטן ביי דער אַרבעטער־רינג קאָאָפּעראַטיווער קאָנפערענץ, וועלכע איז געווען זייער גוט באַזוכט. פון די באַריכטן ציינט זיך אַרויס, אַז ניט קוקנדיק אויף די פילע שוועריקייטן וואָס זיי האָבן אַלס נייע און גרויסע אונטערנעמונג, מאַכן זיי דאָך אַ גלענצענדן פאַרשריט; אַז לויט זייערע פירונגען קענען אין דער פאַרוואַלטונג אַריין בלויז שערהאָלדערס, אָבער די ברענטשעס, וועלכע האָבן שערס פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, קענען אַלס גאַנצע ניט האָבן קיין פאַרטרעטער אין זייער פאַרוואַלטונג. ער גלויבט, אַז די ברענטשעס, וועלכע זיינען שערהאָלדערס אין דער קערפּערשאַפט, דאַרפן האָבן אַ מעגלאַכקייט צו זיין פאַרטראָטן אין דער פאַרוואַלטונג. עס ווערט באַשלאָסן צו שרייבן צו דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, אַז זיי זאָלן זען איינפירן, אַז ברענטשעס, וועלכע זיינען שערהאָלדערס, זאָלן קענען האָבן דירעקט פאַרטרעטער אין זייער פאַרוואַלטונג. — באַריכט ווערט גוטגעהייסן.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז ער איז געוועזן אין האַמילטאָן, קענעדע, און געהאַט אַ מיטינג מיט דעם דאָרטיקן בר. 384. ער איז אנוועזנד געוועזן ביי דער ערעפענונג פון דעם אייגענעם הויז פאַר דער אַרבעטער־רינג שול. עס איז געוועזן אַ הערלאַכער יום־טוב, וואָס האָט געשאַפן ענטוזיאַזם פאַר אַלע די, וועלכע זיינען אנוועזנד געוועזן. זיי האָבן נאָכדעם געהאַט אַ מאָלצייט צוזאַמען און פאַרבראַכט אַן אָוונט אויף אַן אמת פריינדלאַכן אופן.

די טאָראָנטאָ קאָנווענשן קאָמיטע האָט איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן געהאַט אויסגאַבן אַרום 800 דאָלער, וועלכע מען וועט דאַרפן באַצאָלן.

פר. באַסקין דייטעט אָן, אַז אונזער קאָנווענשן פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון אומגעפער 40 טויזנט דאָלער, און ס'איז נויטווענדיק צו באַשטימען אַן אַסעסמענט פון 50 סענט פער מיטגליד, כדי צו דעקן דעם דעפיציט. מען קען די דאָזיקע 50 סענט איינטיילן אין צוויי קוואַרטאַלן.

דער אַדמיניסטריישן פאָנד האָט אַ דעפּיציט פון $48,433.73. דער אַסעסמענט פאַר דעם פאָנד איז געהעכערט געוואָרן איבער 25 פּראָצענט, אָבער די אויסגאַבען פון אַדמיניסטריישן פאָנד זיינען אומגעהייער געשטיגן.

דער קראַנקן־בענעפיט פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון איבער $139,000.

דער קאָנסאָמפשן־בענעפיט פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון $55,997.09.

דער „פריינד“ פאָנד האָט אַ דעפיציט פון $2,258.86.

דעראָרגאַניזאַציאָנס פאָנד האָט אַ דעפיציט פון אַרום 900 דאָלער.

דער סאַניטאַריום בילדונג־פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון $37,151.24.

דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס־פאָנד האָט צום ערשטן מאַי 1921 געהאַט אַ סורפּלוס פון $5,815.85.

דער עדיוקיישאָנאל פאָנד האָט צום ערשטן מאַי געהאַט אַ דעפּיציט פון $3,526.37.

דער רעליף פאָנד האָט יעצט איבער $43,000. אין דעם זיינען ניט אַריינגערעכנט די סומען, וואָס זיינען אויסגעצאָלט געוואָרן דירעקט צו די רעליפס פון פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן.

ער דייטעט אָן, אַז עס וואָלט געווען נייטיק צו שאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד פאַר דעם ביכער־פאַרלאַג, אום עס זאָל ניט אויסקומען צו נעמען געלדער פאַר דעם צוועק פון אַנדערע פאָנדס. ער גלויבט, אַז די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע דאַרף זיך ערנסט אַריינטראַכטן אין די וויכטיגסטע טעטיקייט אויף דעם געביט פון פאַרלאַג, און זען פּיליינט אויף אַ געוויסע צייט אָפּשטעלן די וויטערדיקע אויסגאַבע פון ביכער.

אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרייניגונג פון לייבאָר־ליג, האָט דער אינשורענס דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק סטייט פאַרלאַנגט אַן אָפּיציעלן סטייטמענט ביז דעם ערשטן מערץ, סיי פון אַרבעטער־רינג און סיי פון לייבאָר־ליג. אונזערע אוידיטאָרס האָבן זיי צוגעשטעלט אַזאַ פינאַנציעלן סטייטמענט, און דער לייבאָר־ליג וועט אויך אין גיכן אַזאַ סטייטמענט צושטעלן. די פאַקטישע פאַרייניגונג וועט וואַרשיינלאַך אין קורצן קענען פאָרקומען.

די 1000 דאָלער פּאָליסי איז שוין אַריין אין קראַפט, און דאָס וועט צוגעבן אַביסל אַרבעט פאַר מאַנכע דעפּאַרטמענטס אין אָפיס.

---

עס ווערט באַשלאָסן אָנצונעמען אַ ספּעציעלע אַסעסמענט פון 50 סענט צו דעקן דעם דעפּיציט פון קאָנווענשן פאָנד. די דאָזיקע 50 סענט זאָלן איינגעטיילט ווערן אין 2 קוואַרטאַלן, אָנפאַנגענדיק פון דעם 84־טן קוואַרטל.

עס ווערט באַשלאָסן איבערצוגעבן דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע אַ טשעק אויף 40 טויזנט דאָלער, און ערוויילן אַ קאָמיטע פון 3, וועלכע זאָל צוזאַמענשטעלן אַ ליסט ווי אַזוי די געלדער זאָלן איינגעטיילט ווערן. אין דער קאָמיטע ווערן ערוויילט פר. ר. גוסקין, י. ראָבערטס און דזש. ראָטהמאַן. — סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסן.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז די נעקסטע קאָנווענשן זאָל ערעפנט ווערן דעם ערשטן זונטאָג אין מאַי.

## רעפּאָרט פון דער נאַציאָנאַלער גריוועגס קאָמיטע

פר. הערמאַן באַריכטעט, אַז די ניי־ערוויילטע גריוועגס קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרן מאָנטאָג אָוונט, דעם 23־טן מאַי. ער (הערמאַן) איז ערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן און פר. קראַפּקא אַלס וויים־טשערמאַן פון דער קאָמיטע.

פר. הערמאַן דערקלערט, אַז זיי האָבן יעצט איניגע קלאַגן און אַפּילס, וועגן וועלכע זיי וועט אויסקומען צו האַנדלען.

אין בר. 69, ווילמינגטאָן, קומט פאָר אַ סכסוך וועגן אַ מיטגליד, וועלכער איז באַשטראָפט געוואָרן פון בראַנטש. ווי עס זעט אָבער אויס, וועט אוממעגלאַך זיין צו שליכטן דעם סכסוך שריפטלאַך. דער בראַנטש פאַרלאַנגט דורכאויס, אַז אַ פאַרטרעטער פון דער קאָמיטע זאָל אַהין קומען, און זיי האָפן, אַז דאַדורך וועט געלונגען אַלץ צו ברענגען אין אָרדנונג.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. מ. י. אַשפּיז באַריכטעט, אַז די נייע־ערוויילטע סאַניטאַריום קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרן דאָנערשטאָג אָוונט, דעם 19־טן מאַי. ער (אַשפּיז) איז ערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן און פר. נעבאַמקין אַלס וויים־טשערמאַן.

זונטאָג דעם 29־טן מאַי זיינען די מיטגלידער פון דער נייער און אַלטער סאַניטאַריום קאָמיטעס געווען אין סאַניטאַריום. צו דער געלעגנהייט איז געגעבן געוואָרן אַ קאָנצערט פאַר די פּאַציענטן, אין וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט דער יונגער אַקטיאָר און באַוואוסטער פאָרלעזער א. טענענהאָלץ; די באַרימטע אַקטריסע און זינגערין, מיס נעראָסלאָווסקאַיאַ, וועלכע איז אַקאָמפּאַנירט געוואָרן פון ה׳ לאָסאָווסקי; י. אַדלער (ב. קאָוונער), און דער פידל־שפּילער, א. קופּערשטיין, וועלכער איז אַקאָמפּאַנירט געוואָרן פון מיס קאָהען.

דעם זעלבן זונטאָג איז אויך געוועזן אַ באַנקעט פאַר די פּאַציענטן און געסט. דר. דזש. האַלפּערן איז דעמאָלס געוועזן אין סאַניטאַריום. ער האָט באַגריסט די פּאַציענטן. פר. ר. גוסקין, אַלס טשערמאַן און אַלס מיטגליד פון דער קאָמיטע, האָט דערקלערט פאַר די פּאַציענטן, אַז די ניי־ערוויילטע סאַניטאַריום קאָמיטע וועט זיכער טאָן אַלעס מעגלאַכעס צו זען פאַרשענערן דעם אַנשטאַלט און איבערשטייגן די אַמביציע פון די פריערדיקע קאָמיטעס. ער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז די פּאַציענטן וועלן אויך דעם יאָר, אַזוי ווי לעצטן יאָר, קאָאָפּערירן אויף אַ פריינדלאַכן אופן מיט דער קאָמיטע. אין סאַניטאַריום זיינען דעמאָלס געוועזן אַלס געסט: פר. בעצאהלער, מיטגליד פון דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרס; פּ. געליעבטער, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר, און פאַרטרעטער פון בר. 367.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט געהאַט צוויי מיטינגען מיט דר. אַנטאָנאָווסקי, זיך דורכצורעדן וועגן פאַרשידענע אייכצלהייטן בנוגע דעם סאַניטאַריום, און אָנגעדייטעט אויף איניגע פונקטן, דורך וועלכע עס קען געמאַכט ווערן אַ געוויסע עקאָנאָמיע אין די אויסגאַבן, וועלכע זיינען לעצטנס אַזוי געשטיגן, און די פּאַציענטן זאָלן דאָך פון קיין זאַך ניט קריגן ווייניקער ווי זיי האָבן געקראָגן ביז יעצט.

די סאַניטאַריום קאָמיטע דענקט אָנשטעלן אַן אַסיסטענט מעדזשער, וועלכער זאָל זיך קענען אָפּגעבן ספּעציעל מיט קויפן פּראָדוקטן און האָבן אויפזיכט איבער אָנגעשטעלטע אין די פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס, ווייל פאַר דר. אַנטאָנאָווסקי איז אָפּטמאָל שווער דאָס אַלץ צו באַזאָרגן.

די פּיפּלס רעליף קאָמיטע האָט געבעטן צו באַוויליקן פאַר זיי די גראַונדס פון סאַניטאַריום פאַר אַ קאָנצערט, וועמעס פּראָפיט עס זאָל גיין פאַר די מלחמה־קרבנות. ס'איז באַשטימט געוואָרן זייער פאַרלאַנג צו באַוויליקן. ווי ס'ווייזט אָבער אויס, וועט די פּיפּלס רעליף קאָמיטע דעם קאָנצערט ניט אַראַנזשירן. די אַ. ר. מעדיצינישע הילפס־קאָמיטע פאַר רוסלאַנד האָט נאָכער אָנגעדייטעט, אַז ס'וואָלט געווען ראַטזאַם, אַז די דערלויבניש פאַר דעם דאָזיקן קאָנצערט זאָל זיי איבערגעגעבן ווערן.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז אויב די פּיפּלס רעליף וועט דעם קאָנצערט אַראַנזשירן, זאָל דער פּלאַץ פאַר זיי באַוויליקט ווערן. אין פאַל דער פּלאַן פון קאָנצערט וועט געענדערט ווערן, זאָל די פראַגע נאָכאַמאָל געבראַכט ווערן צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

דער רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסן.

---

## צווייטע זיצונג

די צווייטע זיצונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפנט 2.30 בייטאָג, פון טשערמאַן פריינד ר. גוסקין.

### קאָמיטעס

פר. סיימאָן מעטש, מיטגליד פון בר. 257, באַקלאָגט זיך, אַז לאָקאל 169 פון די בעקערס יוניאָן ענטזאָגט זיך אים אַריינצונעמען אַלס מיטגליד, און עס איז פאַר אים אוממעגלאַך צו מאַכן אַ לעבן. ער בעט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו זאָל זען ווירקן אויף דער יוניאָן אים אַריינצונעמען אַלס מיטגליד. עס ווערט באַשלאָסן צו שיקן אַ קאָמיטע פון 3 צו דער יוניאָן. אין דער קאָמיטע ווערן ערוויילט פריינדע אַשפּיז, יאַקאָבי און קרינסקי.

פון בר. 165, — זיי דערקלערן, אַז פון סקווירער רעליף, מיט וועלכן זיי זיינען פאַרבונדן, איז געשיקט געוואָרן 9 טויזנט דאָלער דורך דר. דובראָווסקיס אָפיס, און די סומע איז איבערגעגעבן געוואָרן פון דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע. די געלדער זיינען אָבער נאָך ניט אָנגעקומען אין סקוויר, אָבוואָל זיי האָבן זיי דאָס געשיקט מיט אומגעפער 8 מאָנאַטן צוריק. זיי בעטן, אַז מיר זאָלן די זאַך אונטערזוכן.

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט דער קאָמיטע, אַז מיר וועלן אָנפרעגן וועגן דעם ביי דער פּיפּלס רעליף, און אין דר. דובראָווסקיס אָפיס, און מיר וועלן זיי דאַן וועגן דעם לאָזן וויסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. ל. דינערשטיין באַריכטעט, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרן דינסטאָג אָוועגט דעם 24־טן מאַי. ער (דינערשטיין) איז ערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן פון דער קאָמיטע.

ער דערקלערט, אַז אַ טאָג נאָך דער קאָנווענשן איז אין באָסטאָן אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג מיט דער דאָרטיקער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגן ווייטערדיקער טעטיקייט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז יענע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זאָל רעאָרגאַניזירט ווערן. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אַז כדי אָנצופירן אַ טיכטיקן קאמפּיין איבער'ן גאַנצן סטייט פון מאַסאַטשוזעטס, וועט זיין בעסער צו האָבן ניט בלויז איין דיסטריקט קאָמיטע אין באָסטאָן, נאָר אויך דיסטריקט קאָמיטעס אין אַנדערע געגענטן, וועלכע ליגן אויף אַ ווייטערן מהלך פון באָסטאָן. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט אין קורצן רופן קאָנפערענצן אין איניגע פּלעצער פון מאַסאַטשוזעטס סטייט צו גרינדן אַזעלכע דיסטריקט קאָמיטעס.

דער סעקרעטאַר פון בר. 58, איסטאָן, פּאַ., האָט געלאָזט וויסן, אַז דער ברענטש געפינט זיך אין זייער ניט קיין גוטן צושטאַנד צוליב דעם, וואָס די מיטגלידער קומען ניט צו קיין מיטינגען, און אים איז שווער ווייטער אָנצוהאַלטן דעם אַמט אַלס סעקרעטאַר. קיין צווייטן אויף זיין פּלאַץ איבערצונעמען דעם אַמט פון סעקרעטאַר קען ער ניט קריגן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַהין אַ פאַרטרעטער צו זען אויפצולעבן דעם ברענטש, און צו דער זעלבער צייט אויך באַזוכן 2 אָדער 3 אַנדערע ברענטשעס, וואָס געפינען זיך ניט ווייט פון דאָרט.

די קאַליפאָרניע דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסן, אַז זיי האָבן זונטאָג, דעם 15־טן מאַי, אינסטאָלירט אַ נייעם ברענטש אין פּאַסאַדינאַ, אַ שטעטל ניט ווייט פון לאָס אַנדזשעלעס. אַ דאַנק דער אַקטיוויטעט פון דער דאָרטיקער דיסטריקט קאָמיטע, איז די מיטגלידערשאַפט פון יענע געגענט היבש פאַרגרעסערט געוואָרן אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר. מיט אַ יאָר צוריק זיינען דאָרט געווען 7 ברענטשעס, מיט כמעט אַ העלפט מיטגלידער וואָס מיר האָבן יעצט. צוזאַמען מיט דעם ברענטש אין פּאַסאַדינאַ זיינען יעצט דאָרט פאַראַן 13 ברענטשעס.

פר. י. ראָבערטס איז געווען פאַרטראָטן אין עליזאַבעט, ביי דער אינסטאָליישן פון אַ נייעם ברענטש, און צו דער זעלבער צייט איז אויך געפייערט געוואָרן די ערעפענונג פון זייער אָרטיקן ליובאָר־ליסעאום. עס איז דעמאָלט געגעבן געוואָרן אַ קאָנצערט פון דעם נואַרק מענדאָלין אָרקעסטער. עס זיינען געווען אַ היבשע צאָל באַזוכער. פר. ראָבערטס האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. זיי האָבן דעמאָלס קאָלעקטירט עטלאַכע הונדערט דאָלער פאַר זייער ליובאָר־ליסעאום.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האַלט יעצט אין אָרגאַניזירן איניגע נייע ברענטשעס.

די אַנטאַפּאָלער סאָסייעטי פון ניו־יאָרק, וועלכע באַשטייט פון עטלאַכע הונדערט מיטגלידער, מאַכט יעצט די נייטיקע אַראַנזשמענטס פאַר דער אינסטאָליישן אַלס ברענטש.

איניגע מיטגלידער פון בר. 415, פון שריוופּאָרט, האָבן געבעטן מען זאָל זיי דערלויבן גרינדן אַ צווייטן ברענטש, ווייל עס זיינען דאָ איניגע ריכטונגען, וועלכע קענען צווישן זיך ניט שטימען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגעבן די פראַגע צו דער דאָרטיקער דיסטריקט קאָמיטע צו אונטערזוכן.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצופירן דעם יאָר אַ מעמבערשיפּ קאַמפּיין, ניט שטעלנדיק זיך קיין באַשטימטן ציל, וויפיל נייע מיטגלידער אַריינצונעמען; עס וועלן אָבער געמאַכט ווערן אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרשטאַרקן דעם אַ. ר. אַזוי פיל וויפיל עס וועט נאָר זיין מעגלאַך.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויך באַשלאָסן צו רעקאָמענדירן צו דער עקזעקוטיוו אָנצופירן דעם יאָר אַן אינטענסיוון קאַמפּיין פאַר רעליף, און דאָס געלד זאָל גיין אויף רעקאָנסטרוקציאָנס־אַרבעט, און די עקזעקוטיוו זאָל ניט באַשטימען אין פאָראויס דורך וועמען די דאָזיקע געקליבענע געלדער זאָלן געשיקט ווערן.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז עס זאָל אָנגעשטעלט ווערן אַן אָרגאַנייזער פאַר מאַסאַטשוזעטס סטייט, ווען די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט געפינען פאַר נויטיק.

די פראַגע וועגן פּלאַן פאַר רעליף־אַרבעט ווערט ברייט דעבאַטירט, און עס ווערט באַשלאָסן אָנצונעמען די רעקאָמענדאַציע פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסן.

## רעליף קאָמיטע

עס ווערט באַשלאָסן צו ערוויילן אַ רעליף קאָמיטע פון 7. אין דער קאָמיטע ווערן ערוויילט פריינדע גוסקין, אַשפּיז, ראָבערטס, יאַקאָבי, קרינסקי, בלאק און מאַלאָט.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. לאַנג באַריכטעט, אַז די ניי־ערוויילטע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרן מאָנטאָג דעם 31־טן מאַי. ער איז ערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרעפענטלאַכן אין "פאָרווערטס" אַ דערקלערונג און איבערגעבן די אמת'ע פאַקטן וועגן די אַרבעטער־רינג שולן; אַז די שולן ווערן אָרגאַניזירט אויף דער איניציאַטיווע פון די אָרטיקע טוער אָדער ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג און ווערן אונטערשטיצט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. פר. ליעסין און ער (לאַנג) זיינען באַאויפטראַגט געוואָרן אויסצואַרבעטן די דערקלערונג.

די נייע שול־קאָמיסיע, וועלכע איז ערוויילט געוואָרן, וועט באַשטיין פון פריינד עווענסקי, שטיינבוים, לעווין, דראַגונסקי און ברעסלאַו. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט וואַרשיינלאַך נאָך צוציען עטלאַכע פּאַסנדע פּערזאָנען צו דער קאָמיטע.

אין לאָס אַנדזשעלעס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַרבעטער־רינג שולע. אין סט.־פּאָול איז אַ שולע פאַרמאַכט געוואָרן צוליב די מחלוקות צווישן די דאָרטיקע ברענטשעס.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פר. ביילין זאָל אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט באַזוכן די שולן פון טאָראָנטאָ, מאָנטריאַל און העמילטאָן. פר. גורעוויטש וועט באַזוכן די שול אין טרענטאָן, נ. דזש.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַוויליקט 25 דאָלער פאַר דער „עמיורדזשענסי" קאָנפערענץ, וועלכע האָט אָנגעפירט דעם קאַמף געגן די לאַסק בילס.

די קאָמיטע האָט ביים ערשטן מיטינג באַשטימט באַזוכן פאַר מאַנכע אַרבעטער־רינג שולן.

רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

עס ווערט באַשלאָסן צוצוציען אויף צבי'נ'ס פּלאַץ דעם נעקסטן אויפ'ן באַלאָט.

## רעפּאָרט פון דער אַפּיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט באַריכטעט, אַז די ניי־ערוויילטע אָפּיס קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרן מיטוואָך אָוועגט, דעם 25־טן מאַי. ער (ראָזענבלאַט) איז ערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן און פר. ליטאַוער אַלס וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע.

פר. ראָזענבלאַט דערקלערט, אַז פאַרשידענע אַלטע רעקאָרדס זיינען איבערגעטראָגן געוואָרן פון אָפיס אין סעלער, ווייל עס איז אין אָפיס ניטאָ גענוג פּלאַץ. אין „וואָלט" פון אָפיס איז געמאַכט געוואָרן פּלאַץ פאַר נאָך קעבינעטס. די ביכער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אויסגאַבן זיינען אַרונטערגענומען געוואָרן אין סעלער. די דאָזיקע ביכער זיינען ביז יעצט געהאַלטן געוואָרן אויפ'ן 9־טן פלאָר, וועלכער איז פאַרנומען געוואָרן פאַר דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס".

מר. עלדרידזש און מר. דזשעקסאָן, אונזערע עקטשוערים, וועלן אין קורצן האָבן אַ קאָנפערענץ אויסצואַרבעטן „רייטס" פאַר קראַנקן־בענעפיט.

15 טויזנט דאָלער ליבערטי באָנדס (די 2־טע ליבערטי באָנדס) זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון וואָלט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין וואַשינגטאָן איבערצובייטן זיי אויף 4 און אַ האַלב פּראָצענט באָנדס. די צווייטע ליבערטי באָנדס האָבן בלויז אַריינגעבראַכט 4 פּראָצענט.

בר. 225 האָט פאַרלאַנגט די אַדרעסן פון אַלע ברענטשעס, צו וועמען זיי ווילן שיקן אַ צושריפט צו אַגיטירן נידערצושטימען אַלע נייע פּונקטן פון דער קאָנסטיטוציע. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו ברענגען די פראַגע צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

פופציק טויזנט נייע מעמבערשיפּ אַפּליקיישנס זיינען געאָרדערט געוואָרן.

וועגן דעפּוזיטס אין אַדמיניסטריישן פאַנד האָט די אָפּיס קאָמיטע נאָך ניט געהאַנדלט.

דעם שבת, פאַר דעקאָריישן דעי, האָבן די אָפּיס אָנגעשטעלטע ניט געאַרבעט, און זיי האָבן נאָכער אָפּגעאַרבעט די 4 שטונדן, אַ שטונדע יעדן טאָג.

עס ווערט באַשטימט צו באַוויליקן די אַדרעסן פאַר בר. 225, און דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי באַריכטעט, אַז די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע איז אינסטאָלירט געוואָרן דאָנערשטאָג אָוועגט, דעם 19־טן מאַי. ער (יאַקאָבי) איז ערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן און פר. מאַלאָט אַלס וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע.

אַ ברענטש פון פילאַדעלפיע האָט צוגעשיקט סטייטמענטס פאַר זייערן אַ מיטגליד, וועלכער ציינט, אַז דער באַטרעפנדער ליידט פון קאָנסאָמפּשן און פון האַרץ־קראַנקהייט. דער זעלבער מיטגליד האָט שוין געקראָגן זיין ערשטן יאָר בענעפיט אויף קאָנסאָמפּשן. זיי האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי זאָל ער יעצט קריגן אויסגעצאָלט צו 3 דאָלער אַ וואָך, אַלס דאָס צווייטע יאָר בענעפיט פון קאָנסאָמפּשן.

אדער 6 דאלער א וואך, נעמענדיק אין אנבאטראכט די נייע קראנקהייט. עס איז באשלאסן געווארן אויסצוצאלן אים צו 6 דאלער א וואך.

די בענעפיט קאמיטע האט באשלאסן צו פארלאנגען פון אפיס א ליסט פון בענעפיט, וואס יעדער ברענטש האט געקראגן אין פארלויף פון די לעצטע 4 קווארטאלן, און די סומע, וואס דער ברענטש האט איינגעצאלט פאר דעם בענעפיט פאנד. די בענעפיט קאמיטע וועט דאן שטודירן די דאזיקע ליסטן און זען וועלכע ברענטשעס האבן פראפארציאנעל געצויגן מער בענעפיט.

רעפארט ווערט דאן גוטגעהייסן.

---

עס ווערט באשלאסן, אז אין די מאנאטן יולי, אויגוסט און סעפטעמבער זאלן די מיטינגען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע אפגעהאלטן ווערן דעם ערשטן מיטוואך אוועגט פון מאנאט.

עס ווערט באשטימט צו שטעלן זיך אין פארבינדונג מיט דעם סעקרעטאר פון דער נאצ. באָרד אוו דירעקטארן און בעטן אז זיי זאלן אפליגן זייערע מיטינגען אויף א וואך נאכ'ן 4־טן יולי, ווייל מאנכע פון די טשערלייט וועלן זיין אויסער ניו־יארק דעם 4־טן יולי און ניט האבן קיין מעגלאכקייט צו זיין אנוועזנד צו רעפארטן, אויב זייער מיטינג וועט אפגעהאלטן ווערן זונטאג דעם 3־טן יולי.

עס ווערט באשלאסן צו ערוויילן א קאמיטע, וועלכע זאל צוזאמען מיט'ן אפיס דורכקוקן דעם קאנווענשן־רעפערענדום איידער ער ווערט ארויסגעשיקט צו די ברענטשעס. אין דער קאמיטע ווערן ערוויילט פריינד דינערשטיין, אייבראמס און בלאק. דער מיטינג ווערט דאן געשלאסן.

פ. געליעבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## רעזאלוציע וועגן ניו־יארקער ארבעטער־רינג פון דער קאנווענשן פון אינדעפענדענט ארבעטער־רינג

די פופצענטע קאנווענשן פון אינדעפענדענט ארבעטער־רינג, פארזאמלט אין הארטפארד, קאנג., פארהאנדלענדיק די רעזאלוציע פון דער באסטאנער קאנווענשן פון ארבעטער־רינג וועגן פאראייניגונג און נאך אן אלזייטיקער דיסקוסיע וועגן דער פראגע איז די קאנווענשן געקומען צום שלום, אז א פאראייניגונג פון אינדעפענדענט ארבעטער־רינג מיט דעם ארבעטער־רינג קאן ניט געשעען צוליב פרינציפיעלע און פראקטישע טעמים. אויף וויפיל דער אנבאט פאר פאראייניגונג דריקט אויס די פריינדשאפט פון דעם ארבעטער־רינג צום אינדעפענדענט ארבעטער־רינג, באגריסן מיר דעם ארבעטער־רינג און דריקן אים אונזער דאנק. עס איז די האפנונג, אז די באציאונגען פון ביידע ארגאניזאציעס וועלן בלייבן פריינדלאכע.

ס. וואלענסקי, י. לעווין, קאנוו. סעקר.

פון דער רעדאקציע: זעט די עדיטאריעלס פון מאנאט צו מאנאט אין דעם נומער.

---

### רעזאלוציע

די סיטי און דיסטריקט קאמיטע פון סאוטהערן קאליפארניע פראטעסטירט ענערגיש נעגן דער טענדענץ וואס מערקט זיך לעצטנס אין ארבעטער־רינג, אפצושוואכן און פארוואסערן די טראדיציעס פון אונזער ארדן, אפילו ווען עס ווערט געטאן אין נאמען פון דעם אזוי פיל פארשריבענעם „מאסאטשוסעטס זיג". דער ארבעטער־רינג קאן ניט דערלויבן אפצושאפן רעפערענדומס איבער וויכטיקע פראגן אויפ'ן גרונד דאס דער קאפריז פון דעם אדער יענעם אינשורענס קאמישאנער. מיר האבן נעגן אונזער ווילן אויסגעטעקט די פרינציפן דערקלערונג, מיט וועלכע מיר האבן יארן לאנג שטאלצירט. אונזערע קאנווענשנס זיינען יעצט פארוואנדלט געווארן אין פאליטישע קאמפיינס פאר דער ערוויילונג פון פרעזידענטן. פילע באדייטנדע ענדערונגען זיינען געמאכט געווארן אין אונזער קאנסטיטוציע, וואס זיינען ווייט ניט אין איינקלאנג מיט אונזערע פונדאמענטאלע פרינציפן — דאס אלץ איז געטאן געווארן אום נושא חן צו זיין ביי נאטשאלסטווא אין מאסאטשוסעטס. לעצטנס האט מען געבראכט א נייעם קרבן, און דאס איז דער רעפערענדום־פרינציפ. מיר גלויבן, אז דאס איז שוין צופיל פארלאנגט פון אונז. באלד, באלד — און מיר וועלן ווערן אן איינפאכע אינשורענס געזעלשאפט צוגלייך מיט אלע אנדערע קאנסערוואטיווע ארדנס. מיר האפן, אז די גרויסע ראדיקאלע מיטגלידערשאפט וועט ניט דערלאזן, אז דער ארבעטער־רינג זאל דעמאראליזירט ווערען! יא מאסאטשוזעטס, אדער ניט מאסאטשוזעטס, אדער אירגענד וועלכער אנדער סטייט.

סיטי און דיסט. קאמיטע סאטהערן קאליפארניע.
ד. ק. סיימאנס, סעק.

באמערקונג פון רעדאקציע: זעט די דערקלערונג וועגן דער פראגע אין פארבינדונג מיט דעם צושריפט פון בר. 225 פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאם. און פון דער נ. ב. אוו ד.

## אפיציעלע צירקולארן

### צו אלע ברענטשעס פון ארבעטער־רינג

ווערטע פריינד:

מיט דעם דאזיקן בריף באצוועקן מיר צו מאכן צו די ברענטשעס פון ארבעטער־רינג קלאר איינינע פונקטען, וועלכע זיינען אנגערירט געווארן אין א בריף פון בר. 225 א. ר., ארויסגעשיקט צו די ברענטשעס פון לאנד.

איינגענטלאך וואלטען מיר קיין דערקלערונגען ניט געדארפט טאכן, ווייל די קאנווענשן אלס א גאנצע האט גוטגעהייסן אונזער האנדלונג און אויך די האנדלונג פון דער נאצ. באָרד אוו דירעקטארן: ניט נאר האט די קאנווענשן פון באסטאן גוטגעהייסן אט די האנדלונג, נאר די עקזעקוטיוו האט געהאנדלט לויט די אינסטרוקציעס און באשלוסן פון א פריערדיקער קאנווענשן. נאר דער בריף פון בר. 225 איז אזוי לעבערלאך און אזוי אומגעלומפערט אין זיינע באשולדיגונגען, אז מיר געפינען דאך פאר נייטיק צו פארלירן וועגן אים א פאר ווערטער.

ערשטנס, וועגן די פאקטן. די נייע קאנסטיטוציע בארויבט ניט די מעמבערס פון ארבעטער־רינג פון קיינע רעכטן. דער רעפערענדום בלייבט אין קראפט ווי פריער. די ערוויילונג פון נאציאנאלע באאמטע, דאס הייסט, פון דער עקזעקוטיוו און אירע באאמטע ווערט דורכגעפירט כמעט לויט דעם אלטן שטייגער, ווייל לויט דער פריערדיקער קאנסטיטוציע פון דעם ארבעטער־רינג, פלעגט דער רעפערענדום ערוויילן די עקזעקוטיוו, און דאס לעצטע ווארט פלעגט זאגן די קאנווענשן. די קאנווענשן פלעגט דארפן גוטהייסן די יעניקע, וועלכע זיינען ערווילט געווארן. דאס הייסט, אז אויב די קנוועגשן וואלט אברזשעקטעט צו איינעם פון די ערווילטע, וואלט ער מוזן ארויסגענומען ווערן פון דער ליסט און אן אנדערער וואלט נעדארפט פארנעמען זיין פלאץ.

אלזא, אין אט דער הינזיכט איז קיינע גרויסע ענדערונגען ניט געמאכט געווארן. ס'איז דא איין פונקט, וועלכער איז ניי, און וועלכער האט יא געענדערט די פראגע פון רעפערענדום, און דאס איז אין באצוג דאס רעכט פון די ברענטשעס צו פאדערן פון דער עקזעקוטיוו א רעפערענדום וועגן א געוויסער פראגע. דער געזעץ פון מאסאטשוזעטס סטייט דערלויבט ניט אזא רעפערענדום, און ניט נאר איז אט דער געזעץ גילטיק אין מאסאטשוזעטס סטייט, נאר ער איז אויך גילטיק אין די מייסטע סטייטס פון אמעריקע, און מיר וואלטן דעם דאזיקן פונקט סיי־ווי מוזן ענדערן, מיט מאסאטשוזעטס סטייט אדער אן מאסאטשוזעטס סטייט. אלע אנדערע פונקטען פון דער קאנסטיטוציע בלייבן אין קראפט, און אט די דאזיקע ענדערונגען, וועלכע זיינען געמאכט געווארן, זיינען געמאכט געווארן לויט די באשלוסן פון דער דעטראיטער קאנווענשן פון 1919, וועלכע האט געגעבן דער עקזעקוטיוו דאס פולע רעכט צו ענדערן אזעלכע געזעצן, ווען זיי זיינען אין ווידערשפרוך מיט די געזעצן פון די סטייטס, אין וועלכע דער ארבעטער־רינג זוכט צו קריגן א טשארטער. די עקזעקוטיוו האט ניט געוואלט אויסנוצן אט די רעכט, וועלכע עס איז איר געגעבן געווארן, און האט זיך באנוצט מיט נאר א פונקט, וועלכער איז אנגענומען געווארן ביי דער זעלבער קאנווענשן, אז די עקזעקוטיווע זאל האבן אויך א רעכט צו פאררופן א קאנווענשן, באשטייענד פון דעלעגאטן, וועלכע זאלן ערווילט ווערן אויף אזא באזיס ווי די עקזעקוטיווע אליין וועט געפינען פאר נייטיק און פאר פאסנד און אויב די עקזעקוטיווע האט געפונען פאר נייטיק צו רופן א ספעשל קאנווענשן פון פארטרעטער פון סטייטס אדער פון פארטרעטער פון דער נאציאנאלער באָרד אוו דירעקטארן, וועלכע פארטרעטן די סטייטס, האט זי געהאנדלט אין פולן איינקלאנג מיט די פריערדיקע באשלוסן און מיט די אלע רעכטן, וועלכע ס'זיינען איר געגעבן געווארן.

דאס טרויעריקע אין אט דער גאנצער געשיכטע איז, וואס בר. 225 האט אין דעם לעצטן יאר געהאט א פארטרעטער אין דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, וועלכער האט געטראגן אויף זיך די זעלבע פאראנטווארטלאכקייט און האט ניט געפונען דאן קיין אורזאך צו פראטעסטירן נעגן דער האנדלונג פון דער עקזעקוטיוו, אין וועלכער ער איז אליין געווען א מיטגליד, נאר נאך 6 מאנאטן שפעטער, ווען דער דאזיקער מיטגליד איז מער ניט אין דער עקזעקוטיוו קאמיטע, האט ער פארגעסן אן זיינע פריערדיקע פאראנטווארטלאכקייטן און העלפט זיין ברענטש אנצומאכן דעם דאזיקן טומעל.

מיר לאזן איבער די גאנצע אנגעלעגנהייט צו אונזערע ברענטשעס און פארלאזן זיך אויף זייער שכל הישר, אז זיי וועלן זיך ניט לאזן פארנארן פון פערזענלאכע חשבונות, וואס איינצעלנע האבן מיט טוער פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע, און וועלן איינזען, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע און די נאציאנאלע באָרד אוו דירעקטארן האבן געהאנדלט אין די אינטערעסן פון ארבעטער־רינג, אין די אינטערעסן פון דער ארגאניזאציע, וועמעס שיקזאל עס איז אנפארטרויט געווארן אין זייערע הענט.

מיט פריינדלאכן גרוס,
נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ארבעטער־רינג.
י. באסקין, גענעראל־סעקר.

---

### צו אלע ברענטשעס פון ארבעטער־רינג

ווערטע פריינד:

ווען דער דאזיקער צושריפט וועט ביי אייך דערהאלטן ווערן, וועט דער קאנווענשן־רעפערענדום שוין זיין געשלאסן, און טאקע דערפאר שיקן מיר דעם צושריפט, כדי צו צייגן, אז מיר זיינען נים אויסן צו באאיינפלוסן די ברענטשעס ווי צו שטימען דעם קאנווענשן־רעפערענדום, נאר בלויז אום קלאר צו מאכן איינינע פונקטן וועגן א צושריפט וואס בר. 225 האט געפונען פאר נייטיק צו ווענדן זיך צו די ברענטשעס.

בר. 225 האט אין דעם צושריפט, וואס זיי האבן ארויסגעשיקט, געוואלט מאכן דעם איינדרוק, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו איז באגאנגען א שרעקלאכן פארברעכן דערמיט, וואס זי האט פאררופן א ספעשל קאנווענשן פון פארטרעטער פון די סטייטס, דעם ערשטן יאנואר.

אום די ברענטשעס זאלן האבן א גענויען באגריף וועגן דעם, ווילן מיר פריער ציען אייער אויפמערקזאמקייט צו דער רעזאלוציע, וואס איז אנגענומען געווארן ביי דער 19־טער קאנווענשן פון ארבעטער־רינג, אפגעהאלטן אין דעטראיט, און איז געדרוקט געווארן אין יוני־יולי נומער „פריינד", 1919, זייט 61, און לעזט זיך ווי פאלגט:

„די עקזעקוטיוו קאמיטע איז אויטאריזירט צו ענדערן פונקטן פון דער קאנסטיטוציע פון ארבעטער־רינג, ווען זי געפינט אז די דאזיקע זיינען אין ווידערשפרוך מיט די פראטווינציאל אינשורענס געזעצן פון אירגענד וועלכן שטאט, וואו דער ארבעטער־רינג קען געזעצלאך פירן זיינע געשעפטן, אדער אין אירגענד וועלכן שטאט, וואו דערארבעטער־רינג זוכט צו ווערן געזעצלאך, און צופאסן די פונקטן פון אונזער קאנסטיטוציע צו די געזעצן פון דעם באטרעפנדן שטאט."

„די עקזעקוטיוו קאמיטע, אויב זי געפינט פאר נייטיק, מעג פאר דעם צוועק פון ענדערן אדער אויסבעסערן די פונקטן פון אונזער קאנסטיטוציע רופן א ספעציעלע קאנווענשן, צו וועלכער די דעלעגאטן זאלן ערווילט ווערן אויף אזא באזיס פון פארטרעטערשאפט, וואו די עקזעקוטיוו קאמיטע וועט באשטימען, אבער וואל די דאזיקע פארטרעטערשאפט מעג ניט זיין אין איינקלאנג מיט אונזער קאנסטיטוציע וועגן ספעציעלע קאנווענשנס."

יעצט לאמיר זען, וואס איז אזוינס פארגעקומען, וואס האט געצוואונגען בר. 225 זיך ווענדן צו אייך:

די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע, אנווענדנדיק אלע קרעפטן צו ווערן געזעצלאך אין מאססאטשוזעטס סטייט, איז געווען געצוואונגען, לויט דער אויפפאדערונג פון דעם אינשורענס קאמישאנער פון יענעם שטאט, אז איינינע טעכנישע ענדערונגען אין אונזער קאנסטיטוציע זאלן גוטגעהייסן ווערן פון קאנווענשן. די נאציאנאלע עקזעקוטיוו האט זיך באנוצט מיט דער אויבנדערמאנטער רעזאלוציע, און פאררופן א ספעציעלע קאנווענשן, וועמעס פארטרעטערשאפט זאל זיין די זעלבע ווי די פארטרעטערשאפט צו דער נאציאנאלער בארד אוו דירעקטארן. זי האט דערביי געהאט אין זינען, ערשטנס, אז רופן א געוויינלאכע ספעציעלע קאנווענשן וואלט געווען פארבונדן מיט צענדליקע טויזנטער אויסגאבן. צווייטנס, וואלט די געוויינלאכע קאנווענשן ניט געקענט צוזאמענגערופן ווערן אזוי שנעל ווי ס'איז געווען נייטיק ביי יענעם מאמענט, כדי צו קענען האנדלען וועגן די ענדערונגען וואס האבן געדארפט געמאכט ווערן.

מיר, די נאציאנאלע בארד אוו דירעקטארן, האבן די פראגע וועגן דעם, צי מיר זאלן זיך קאנסטיטואירן אלס א ספעציעלע קאנווענשן דאמאלס זייער ערנסט פארהאנדלט, און מיר זיינען געקומען צום שלום, אז מיר, אלס די ערוויילטע פארטרעטער פון דער מיטגלידערשאפט פון די פארשידענע שטאטן, האבן אויף אזא אופן געהאט א מאראלע און געזעצלאכע רעכט צו האנדלען אין דעם אויסערגעוויינלאכן פאל אלס א ספעציעלע קאנווענשן.

ווען איר וועט אויפמערקזאם דורכלעזן די געענדערטע פונקטן אין דער קאנסטיטוציע, וועט איר זען, ווערנד אין מערסטע פאלן זיינען די ענדערונגען בלויז טעכנישע, איז אין אנדערע פאלן דער דעמאקראטישער פרינציפ נאך אויסגעברייטערט געווארן. אזוי צום ביישפיל, לויט דער אלטער קאנסטיטוציע, קענען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע בלויז ערוויילט ווערן מיטגלידער פון ברענטשעס פון ניו־יארק אדער אומגעגנט. לויט דער נייער קאנסטיטוציע, קען צו דער עקזעקוטיוו ערוויילט ווערן יעדער מיטגליד, וועלכער וואוינט אין ניו־יארק אדער אומגעגנט, אן אונטערשיד צי ער איז א מיטגליד פון א ברענטש אין ניו־יארק אדער ער באלאנגט צו א ברענטש זאגאר אזוי ווייט ווי לאס אנדזשעלעס.

בר. 225 האט געוואלט מאכן אויף די ברענטשעס און דער מיטגלידערשאפט דעם איינדרוק, אז מיט די נייע ענדערונגען אין דער קאנסטיטוציע, וואס זיינען אנגענומען געווארן ביי דער ספעציעלער קאנווענשן, צו וועלכער מיר זיינען געווען די דעלעגאטן, ווערט פון די מיטגלידער צוגענומען דאס רעכט צו האבן דאס לעצטע ווארט אין אלע וויכטיקע פראגן, דאס הייסט, מיר שאפן אפ דעם רעפערענדום.

ביי אונזער דאמאלדיקער ספעציעלער קאנווענשן איז יעדער פונקט, וואס האט אין דער קאנסטיטוציע געדארפט געענדערט ווערן, עטלאכע מאל פארגעלעזן און דעבאטירט געווארן אין דער אנוועזנהייט פון אונזערע נאציאנאלע באאמטע און אונזערע לעגאלע אדוויזערס פון ניו־יארק און מאסאטשוזעטס סטייט.

דער פאקט אליין, אז נאך דער קאנווענשן אין באסטאן זיינען אלע פראגן, וועלכע מען האט דארט פארהאנדלט, געשיקט געווארן צו א רעפערענדום, איז דער בעסטער באווייז, אז זייערע ארגומענטן און באשולדיגונג זיינען ניט באגרינדעט.

וואס אנבאלאנגט די ערוויילונג פון באאמטע און מיטגלידער צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו, איז קיין זאך אייגנטלאך ניט געענדערט געווארן, ווייל לויט דער פריערדיקער קאנסטיטוציע האט אויך די קאנווענשן אין די דאזיקע פראגן געהאט דאס לעצטע ווארט. פארקערט, מען האט דאס געמאכט נאך מער דעמאקראטישער מיט דעם, וואס דער טשערמאן פון ארבעטער־רינג און די אנדערע באאמטע ווערן יעצט ערוויילט ביי דער קאנווענשן, דאס הייסט פון פאלק, אנשטאט ווי ביז יעצט, פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע.

די לעצטע קאנווענשן האט גוטגעהייסן די זעלבע קאנסטיטוציע וואס מיר האבן אנגענומען. דאס באווייזט ווידער, אז מיר האבן קיין גרונד־פרינציפן און דעם גייסט פון דער קאנסטיטוציע ניט געענדערט.

מיר ווייסן ניט וואס ס'האט באוואוינן בר. 225 צו שיקן זייער צושריפט 6 מאנאטן נאכדעם ווי די ספעציעלע קאנווענשן איז אפגעהאלטן געווארן. מיר זיינען אבער איבערציינט אז איר וועט צושטימען אז אונזער האנדלונג איז געווען א גערעכטע און עס האט געבראכט צום זיג, וואס מיר זיינען געווארן געזעצלאך אין מאסאטשוזעטס סטייט.

מיט פריינדלאכן גרוס,

נאציאנאלע בארד אוו דירעקטארן.

ל. ארקין סעקרעטאר.

ד. שייער ה. לין קאמיטע.

# צושריפטן פון בּרענטשעס

### צום גענעראל אפיס פון א. ר.

טייערע פריינד! דורכלעזנדיק דעם באריכט פון דער לעצטער באסטאנער קאנווענשן פון א. ר. האט דער קארל ליעבקנעכט און ר. לוקסעמבורג בר. 620 א. ר., ביי א ספעציעלן מיטינג, וואס איז אפגעהאלטן געווארן פרייטאג דעם 24טן יוני 1921, האט איינשטימיק אנגענומען די פאלגענדע רעזאלוציע:

נעמענדיק אין אנבאטראכט, דאס די קאנווענשן האט באשטימט $2000 פאר דעם „בונד“, וועלכער איז יעצט א קאנטר־רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע, און $750 פאר דער „נייער וועלט“; $750 פאר דער „אידישער פעדעראציע“, וועלכע איז שוין לאנג פארלאזן געווארן פון אלע רעוואלוציאנערע אידישע ארבעטער פאר איר נענגערשאפט צו רעוואלוציאנערער טעטיקייט אויף דער אידישער גאס, און אויך שטיצנדיק די „גערעכטיגקייט“, דאס בלעטל פון דעם אלטן „זזיבערן“ פאררעטער פון דער ארבעטער־באפרייאונגס־זאך, און אויך ניט פארגעסנדיק די „פרייע־ארבעטער שטימע“, וועלכע איז צו יעדער צייט באריט צו פארקויפן דעם באלשעוויזם, סאציאליזם און וואס נאר איר ווילט, אום צו קענען אנהאלטן די קרעמל;

נעמענדיק דאס אלץ אין אנבאטראכט, דריקן מיר אוים אונזער גרעסטן פראטעסט נעגען דער האנדלונג פון דער קאנווענשן, ווייל מיט אזא האנדלונג האבן זיי אויך אוועקגעשטעלט אונזער ארבעטער־רינג אלס א גאנצן אויף דער ליסט פון קאנטר־רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס.

און מיר פאדערן אויך אויף די גענעראל עקז. בארד צו געפינען א וועג ווי צו שטיצן די אמת־רעוואלוציאנערע ארבעטער־פארטרעטנדע צייטונגען, ווי דער „קאמף“ און נאך אזוי ווייטער.

שטיצנדיק זיך אויף דעם, דאס די פראגע וועגן שטיצן דעם „קאמף“ איז פארגעבראכט געווארן ביי דער קאנווענשן און איז נידערגעשטימט געווארן מיט 3 שטימען, דאס הייסט, אז כמעט א העלפט פון דער מעמבערשיפ זיינען פאראינטערעסירט צו שטיצן די צייטונגען, וועלכע פארטרעטן זיי באמת.

מיט פריינדלאכן גרוס,

ק. ליעבקנעכט און ר. רוקסעמבורג בר. 620.

נ. ב. אונטן וועט איר געפינען א בריף, וועלכן דער ברענטש האט באשלאסן ארויסצושיקן צו אלע ברענטשעס פון א. ר.

טייערע פריינד!

די באסטאנער קאנווענשן פון אונזער ארגאניזאציע האט אויסגעארבעט די פלענער פאר דער טעטיקייט פון ארבעטער־רינג אין דעם קומענדן יאר, און איצט גיט מען אייך א מעגלאכקייט — דורך דעם רעפערענדום — ארויסצוזאגן אייער באציאונג צו אט די פלענער. איז אויף וויפיל די פלענער האבן צו טאן מיט דער טעטיקייט פון ארבעטער־רינג אלס א פארזיכערונגס געזעלשאפט, וועלן מיר ניט פארלירן קיין איין ווארט: די אינטערעסן פון ארבעטער־רינג אלס א פארזיכערונגס־געזעלשאפט זיינען קלאר פאר יעדן איינעם פון זיינע מיטגלידער. דער ארבעטער־רינג פרעטענדירט אבער צו זיין ניט בלויז א פארזיכערונגס געזעלשאפט, נאר אויך אן ארבעטער־ארגאניזאציע, וועלכע שטעלט זיך די אויפגאבע צו שטיצן אויף פארשידענע אופנים יעדע פראלעטארישע אינסטיטוציע, וואס פארטיידיקט די אינטערעסן פון ארבעטער־קלאס, וואס פירט אן זיין קאמף פאר דער באפרייאונג פון דער מענשהייט פון שקלאפעריי און עקספלואטאציע. און אט אויף די פלענער פון דער באסטאנער קאנווענשן ווילן מיר ציען אייער אויפמערקזאמקייט. ווייל זיי, די פלענער צו שטיצן געוויסע אינסטיטוציעס, ווייזן אן דעם אמת'ן פאליטישן כאראקטער פונ'ם ארבעטער־רינג אונטער זיין איצטיקער פירערשאפט.

דער רעפערענדום גיט אן א גרויסן צעטל פון אינסטיטוציעס, ארגאניזאציעס און צייטשריפטן, וועלכע די קאנווענשן האט באשטימט צו שטיצן מיט געוויסע סומען. קוקט אקארשט דורך דעם צעטל. קאנט איר אים געפינען איין רעוואלוציאנערע ארבעטער־ארגאניזאציע, איין רעוואלוציאנערע ארבעטער־צייטשריפט? איז צווישן די אלע אינסטיטוציעס, וועלכע די באסטאנער קאנווענשן האט באשטימט צו שטיצן מיט געוויסע סומען געלט, איז דא כאטש איינע, וועלכע שטעלט זיך ווירקלאך רעוואלוציאנער־פראלעטארישע אויפגאבן? וועלכע זוכט מיט רעוואלוציאנערע מיטלען צו קעמפן פאר דער באפרייאונג פון די אונטערדריקטע מאסן איבער דער גאנצער וועלט פון די שרעקלאכע ליידן, וואס דער קאפיטאליזם — דאס סיסטעם פון עקספלואטאציע און אונטערדריקונג — ווארפט אויף זיי ארויף?

מיר וועלן שוין ניט רעדן וועגן די פילאנטראפישע אינסטיטוציעס, וועלכע דער רעפערענדום שלאגט פאר צו שטיצן. אז זיי זיינען ניט קיין ארבעטער־אינסטיטוציעס, אז זיי זיינען ריין בורזשואזע אינסטיטוציעס, וואס דינען די אינטערעסן פונ'ם גרויס־קאפיטאל אדער קליינבירגערטום, — דאס לייקענען ני אפ אפילו די קאנסערוואטיווסטע, אפילו די רעאקציאנערסטע פירער פון ארבעטער־רינג. דער איינציקער מאטיוו, וואס זיי גיבן אן, פארוואס מ'דארף שטיצן אזעלכע אינסטיטוציעס, איז — וואס דעם ארבעטער־רינג קומט אוים פון צייט צו צייט צו האבן געוויסע באציאונגען מיט אט די אנשטאלטן. אזא ארגומענט איז ניט מער ווי לעכערלאך. דעם ארבעטער־רינג קאן אויסקומען „האבן געוויסע באציאונגען פון צייט צו צייט מיט דעם „דעפארטמענט אוו דזשאסטיס“. דאס מיינט אבער נאך ניט, אז דער ארבעטער־רינג דארף דעריבער שטיצן אט די רעגירונגס־אינסטיטוציע, וועמעס הויפט־אויפגאבע איז „געזעצלאך“ צו אונטערדריקן די ארבעטער־מאסן פון לאנד.

אבער אויב אט דער ארגומענט איז א נארישע אנטשולדיגונג, פאר וואס דער ארבעטער־רינג שטיצט אזעלכע בורזשואזע אינסטיטוציעס, איז זיין שטיצן פון כלומר'שט „ארבעטער“־ארגאניזאציעס, וועלכע טרעטן ארוים אפן אדער פארשטעלטערהייט נעגן די אינטערעסן פונ'ם ארבעטער־קלאס, זיכער א פארברעכן.

אט האט די קאנווענשן באשלאסן צו שטיצן מיט צוויי טויזנט דאלער ($2,000) דעם „בונד“. וואס איז איצט דער „בונד“? דאס איז ניט די רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע פון די אידישע ארבעטער־מאסן, וועלכע פלעגט קעמפן צוזאמען מיט דעם רוסלענדישן פראלעטאריאט נעגן זייערע אלגעמיינע אונטערדריקער. דאס איז ניט דער „בונד“, וועלכער האט אין 1905 פארנומען אן אנגעזעענעם פלאץ אין די רייען פון דעם רעוואלוציאנערן רוסלענדישן פראלעטאריאט, וואס האט געקעמפט אויף לעבן און אויף טויט נעגן דער בורזשואזיע. דער היינטיקער „בונד“ — די בורזשואזע אינטעליגענץ, וואס איז אין אים פארבליבן — האט פארלארן יעדן סימן פון א רעוואלוציאנערער פראלעטארישער ארגאניזאציע און שטעלט זיך די איינציקע אויפגאבע צו שטיצן די קאנטר־רעוואלוציע.

די בורזשואזע אידישע אינטעליגענץ פונ'ם צארישן רוסלאנד האט זיך גענייטיקט אין די פאליטישע פרייהייטן, וועלכע א בורזשואז־דעמאקראטישער שטאט קאן איר געבן. אט די פרייהייטן האט די בורזשואזע אינטעליגענץ ניט געקענט דערווארטן צו קריגן אן דער הילף פון דעם רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט. דעריבער איז זי צוגעשטאנען צו דער רעוואלוציאנערער ארגאניזאציע אין יענער צייט פון די אידישע פראלעטאריער און האט, צוליב אירע קענטינשן און פייאיגקייטן, געשטעלט זיך אין דער פירערשאפט פונ'ם „בונד“. איז אזוי באלד ווי די צארישע הערשאפט איז ארונטערגעזעצט געווארן און די בורזשואזע רעגירונג פון די מיליוקאווס און קערענסקים האט זי פארזארגט מיט די פאליטישע פרייהייטן, אין וועלכע זי האט זיך גענייטיקט, האט די בורזשואזע אינטעליגענץ פארלאזן דעם קעמפנדן פראלעטאריאט און איז ארויסגעטראטן נעגן זיין ווייטערדיקן מארש צו עראבערונגען פון מאכט. זינט דעם אויסברוך פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע אין רוסלאנד טרעט ארוים אט די אינטעליגענץ, די פירערשאפט פון „בונד“, נעגן דעם רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט און שטיצט זיינע פארביסנסטע שונאים — די קאלטשאקס און דעניקינס, די ווראנגלס און פעטליוראס, די אלע וואס זוכן צו פארניכטן די פראלעטארישע הערשאפט פון סאוויעט רוסלאנד. אין דעם באשטיים די גאנצע פראפאגאנדע און אגיטאציע פון דער איצטיקער בונדישער פרעסע. דעריבער האבן די פראלעטארישע עלעמענטן, וואס זיינען געווען אינ'ם „בונד“, פארלאזן אט די קאנטר־רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע און האבן זיך אנגעשלאסן אן דער קאמוניסטישער פארטיי פון סאוויעט רוסלאנד, פון פוילן, אוקראינע און ליטע. און די אומבאדייטנדע צאל פון די ווייניקער קלאסנבאוואוסטע ארבעטער, וואס איז נאך פארבליבן אין „בונד“, ווערט פארפירט דורך דער פראפאגאנדע און אגיטאציע פון איר בורזשואזער און קאנטר־רעוואלוציאנערער פירערשאפט.

קאנט איר, פריינדע, גוטהייסן דעם באשלוס פון דער קאנווענשן צו שטיצן אזא ארגאניזאציע ווי דער איצטיקער „בונד“? קאנט איר דערלויבן, אז שטיצנדיק אזא ארגאניזאציע זאל דער ארבע־

מער־רינג זיך זעלבסט ארויסשטעלן אלס אן אקטיווע קאנטער־רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע? איז עס ניט אייער פליכט ארבעטער מיטגלידער פון ארבעטער־רינג, צו באקעמפן אויפן שארפסטן אופן אזעלכע פאליטישע האנדלונגען פון די „אינטעליגענטע" פירער פון אונזער ארגאניזאציע?

ארער נעמט א צווייטן פונקט אין דעם רעפערענדום, וועלכער שלאגט פאר צו שטיצן מיט 750 דאלער די אידישע „סאציאליסטישע" פעדעראציע, די „נייע וועלט", „די פרייע ארבעטער שטימע", די „גערעכטיגקייט", און די אנדערע ארגאנען, וועלכע פרעטענדירן צו זיין ארבעטער־ארגאנען.

די אידישע „סאציאליסטישע" פעדעראציע (און איר אפיציעלער ארגאן די „נייע וועלט") האט פאר די לעצטע עטלאכע יאר, פונקט ווי די אמעריקאנער „סאציאליסטישע" פארטיי בכלל, באוויזן, אז זי טרעט ארויס געגן יעדן רעוואלוציאנערן שרים, נעגן יעדער פראלעטארישער האנדלונג, און איז אן אמעריקאנער קאפיע פון דעם איצטיקן „בונד". די פראלעטארישע עלעמענטן האבן זי פאר די לעצטע צוויי יאר פארלאזן מאסנווייז און האבן זיך אנגעשלאסן אן די ווירקלאך רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס פון לאנד. אין דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע זיינען יעצט פארבליבן בלויז די פאליטישנס פון די פארשידענע ארבעטער־ארגאניזאציעס, וועלכע האבן אין זינען די אינטערעסן פון דעם ארבעטער־קלאס, בלויז אויף אזוי פיל, אויף וויפיל דאס האט צו טאן מיט זייערע עסמער. איז דען א וואונדער, וואס די „נייע וועלט" האט קיין כח ניט צו לעבן און ראנגלט זיך דאס לעצטע יאר מיט דער גסיסה? קאנט איר איינשטימען, אז אונזער ארגאניזאציע, דער ארבעטער־רינג, זאל זיין די יעניגע, וועלכע וועט אנהאלטן די עקזיסטענץ פון אזא ארגאן? קאנט איר דערלויבן, אז אונזער ארגאניזאציע זאל שטיצן די „פרייע ארבעטער שטימע", וועלכע איז א קרעמל פון אלצדינג אין דער וועלט, וואס קאן פארטומלען די מוחות פון די ארבעטער און ארויסרופן ביי זיי אן „אנארכיסטישע" געגנערשאפט צום רעוואלוציאנערן קאמף פון פראלעטאריאט? קאנט איר דערלאזן, אז אייער ארגאניזאציע זאל פרעטענדירן צו זיין אן ארבעטער־ארגאניזאציע צוליב דעם, וואס זי וועט שטיצן די „גערעכטיגקייט", דעם ארגאן פון דער שלעזינגער־יאנאווסקי פירמע, וועמעס איינציקער אידעאל איז צו דערשטיקן יעדן אויסדרוק פון א רעוואלוציאנערן געדאנק אין זייער יוניאן?

איז דען ניט קלאר, אז ווען איר וועט גוטהייסן אט די באשלוסן פון דער קאנווענשן, וועט איר צונעבן נאך מער מוט דער רעאקציאנערער פירערשאפט פון אונזער ארגאניזאציע פארצוזעצן אזא „ארבעטער"־פאליטיק? איז דען ניט קלאר, אז איר מוזט שטימען מיט איין גרויסן „ניין" וועגן אט די אלע פונקטן, אום צו באשטעטיקן, אז אזא פאליטיק איז ניט אין די אינטערעסן פון די פראלעטארישע עלעמענטן אין דעם ארבעטער־רינג און אז איר, פריינדע, זיינט נעגנוג קלאסנבאוואוסט צו פארשטיין די ווירקלאכע אינטערעסן פונ'ם פראלעטאריאט און שטימט ניט איין מיט דער קאנטער־רעוואלוציאנערער טעטיקייט פון אונזער „פירערשאפט"?

מיר האפן, אז איר וועט די פראגן אויפנעמען אויף אייערע מיטינגען, באטראכטן זיי פון א פראלעטארישן שטאנדפונקט און וועט זען צו געבן מיט אייערע שטימען דער פאליטיק פון ארבעטער־רינג א רעוואלוציאנער־פראלעטארישן כאראקטער.

מיט פריינדלאכן גרוס,

קארל ליעבקנעכט און ראזא לוקסעמבורג,

בר. 620 א. ר.

באמערקונג: די מיינונג פון דער רעדאקציע וועגן דעם צושריפט פון בר. 620 וועט דער לעזער געפינען אין די עדיטאריעלס פון סאנאט צו מאנאט.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 553 א. ר. דעטראיט, מיש., פארזאמלט ביי א ספעציעלן מיטינג, פרייטאג אווענט דעם 24־טן יוני 1921, האבן אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציע.

אין אנבאטראכט, אז צו דער 21־טער יערלאכער קאנווענשן פון א. ר. איז אריינגעטראגן געווארן א רעזאלוציע צו איגנארירן און שטיצן דעם „קאמף" און דעם „פראלעטאריער", די איינציקע אידישע צייטונגען, וועלכע פארטיידיקן מוטיק און אומדערשראקן די פרינציפן פון אומקאמפראמיסלאכן סאציאליזם; און אין אנבאטראכט, אז די קאנווענשן האט די דאזיקע רעזאלוציע, אונטער דעם דרוק פון די רעאקציאנערע, פשרה־מאכערישע פירער מיט זייער גוט־געאיילטער מאשין, צוריקגעוויזן; און אין אנבאטראכט, אז די זעלבע קאנווענשן האט אינדארסירט און געשטיצט מיט טויזנטער דאלער פארשידענע סאציאל־אפארטוניסטישע, מענשעוויסטישע און סתם רעאקציאנערע צייטונגען און ארגאניזאציעס, — זיי עס באשלאסן, אז מיר באטראכטן די דאזיקע שענדלאכע און שעדלאכע האנדלונג אלס א קריגס־דערקלערונג און פאטש אין פנים צו יעדן איינציקן רעוואלוציאנער אין דעם א. ר., און מיר דריקן אויס אונזער העפטיגען פראטעסט און צארנדיקע אנטריסטונג נעגן דער דאזיקער האנדלונג.

מיט פריינדלאכן גרוס, ה. אלפערט, סעק.

פון דער רעדאקציע: בר. 553 האט געמעגט זיין פארזיכטיקער מיט די פארשידענע שטארקע אויסדרוקן, וואס זיינען גארנישט אין דעם פריינדלאכן גייסט פון צוטרוי און חבר־שאפט, וואס הערשט אין א. ר. אז א. ר. ברענטש מיט פאראנטווארטלאכקייט דארף וועגן און מעסטן יעדעס ווארט, וואס עס גייט אין זיין נאמען פאר דער עפנטלאכקייט. א פאלשע וואג און מאס שאפט נישט קיין גאר שיינע רעפוטאציע פאר די וואס געברויכן זיי.

---

צו דער עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר.

ווערטע פריינד:

מיר, די מעמבערס פון בר. 150, פארזאמלט ביי א ספעשל מיטינג דעם 28־טן מאי, אויסהערנדיק דעם באריכט פון קאנווענשן־דעלעגאט און נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז ביי אונזער קאנווענשן אין באסטן איז פארגעבראכט געווארן א פארשלאג צו שטיצן די צוויי אידישע צייטונגען „דער פראלעטאריער" און „דער קאמף", און די קאנווענשן האט קיין שום שטיצע ניט באוויליקט; און נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז די דערמאנטע צייטונגען זיינען די איינציקע אידישע צייטונגען, וועלכע גיבן זיך אפ מיט אויפקלערונגס־ארבעט פאר'ן ארבעטער־קלאס און דערוועקן אין אים מוט צו שטיין פעסט פאר זיינע גערעכטע פארערונגען ווי צו פארבעסערן זיין לאגע, און דאך האט די קאנווענשן קיין אויפמערקזאמקייט ניט געגעבן און האט די גאנצע אנגעלעגנהייט איגנארירט און דערמיט אוועקגעשטעלט דעם ארבעטער־רינג אין א שענדלאכן שטאנד, אז ער איז גלייכגילטיק צו דער ארבעטער־באוועגונג. דארום דריקן מיר אויס אונזער שארפסטן פראטעסט נעגן דער דאזיקער נידעריקער האנדלונג פון קאנווענשן און מיר פאדערן, אז איר זאלט באוויליקן א גענוגנדע סומע שטיצע צו די אויבן־דערמאנטע צייטונגען אויפ'ן סמך וואס די קאנווענשן האט אייך דערלויבט צו באוויליקן נאך שטיצע צו געוויסע קערפערשאפטן לויט איר וועט געפינען פאר נייטיק. די נויטווענדיקייט אנצוהאלטן די דאזיקע צייטונגען איז אן צווייפל און מיר מוזן זיי שטיצן, און מיר דערווארטן, אז איר וועט די שטיצע באוויליקן.

ב. דאווידאוו, טשערמאן; ם. לוריא, סעקר.

פון דער רעדאקציע: בר. 150 האט אן שום ספק א רעכט צו דער מיינונג, אז די אויבנדערמאנטע צוויי צייטונגען האבן געדארפט געשטיצט ווערן פון דער קאנווענשן. דאס גיט אבער בשום אופן נישט דאס רעכט צום ברענטש, אז ער זאל רופן די האנדלונג א נידעריקע. פרינציפיעל האט זיך די מאיאריטעט פון דער קאנווענשן ארויסגעזאגט נעגן דער טאקטישער ריכטונג פון די צוויי צייטונגען, וואס האבן ביז דער לעצטער צייט געהאלטן אין איין ברעכן און שטערן אלץ, וואס ס'איז געבויט געווארן מיט אזוי פיל מי און קרבנות. דער ברענטש וואלט מיט א גרינגערן הארצן געקענט אנרופן די האנדלונג א פאלשע. מיט דעם וואלטן מיר אליין אויך געקענט איינשטימיק זיין. דער ברענטש 150 טרייבט, נאך אונזער מיינונג, אויך איבער, ווען ער שרייבט, אז די דערמאנטע צוויי צייטונגען זיינען די איינציקע וואס טוען אויפקלערונגס־ארבעט צווישן די אידישע מאסן. מיר האלטן אז אלע צייטונגען, וואס ווערן אינדארסירט פון אונז, טוען מער אדער ווייניקער אויפקלערונגס־ארבעט צווישן אונזערע מאסן.

---

צו דער נאצ. עקזעק. פון ארב. רינג

ווערטע פריינד:

שטימענדיק דעם רעפערענדום, האט דער בר. 352 אלזייטיק און אביעקטיוו באטראכט דעם פונקט וועגן אינדארסירן און שטיצן פארשידענע צייטשריפטן און ארגאניזאציעס. דער בר. האט זיך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט פון א. ר. און פאלגלאך פון דער קאנווענשן, אז פונ'ם א. ר. דארפן נאר ווערן אנערקענט יענע צייטונגען און ארגאניזאציעס, וועלכע דריקן אויס די פארשידענע ריכטונגען פון דעם ארגאניזירטן ארבעטער־קלאס.

דער האמלער סאצ. בר. 352 א. ר. האט דעריבער גוטגעהייסן אלע סומען, וועלכע די קאנווענשן אין באסטן האט אסיגנירט, די סומע פאר'ן „בונד" אין פוילן אריינגערעכנט, הגם דער אקט האט ארויסגערופן א פראטעסט (ביז א געוויסן גראד מיט רעכט) פון א באוואוסטן א. ר. ברענטש. דער בר. האט אבער מיט ביטערן פארדרוס געמוזט אונטערשרייבן, אז די קאנווענשן אין באסטן האט געהאנדלט קליינמוטיק, פארטייאיש, קלויזלדיש, ווען זי האט אין דער זעלבער צייט אפגעזאגט אין אנערקענונג דעם „קאמף" און „פראלעטאריער", צוויי צייטשריפטן, וועלכע דריקן אן ספק אויס א שטארקע ריכטונג צווישן די באוואוסטזיניק ארגאניזירטע אידישע ארבעטער אין אמעריקע.

ווארים, אויב דער „בונד" איז ווערט געשטיצט צו ווערן, זיינען די באטרעפנדע ארגאנען דאס געוויס ווערט;

אויב דער „בונד" אין פוילן האט פארדינט אונזער אנערקענונג און שטיצע, האבן עס די צוויי צייטשריפטן אין אמעריקע זיכער כשר פארדינט;

אויב דער „בונד" אין פוילן האט אן ארבעטער־מאסע הינטער זיך, וועמעס אידעאלן און שטרעבונגען ער אנטשפרעכט, האבן דער „קאמף" און „פראלעטאריער" אין אמעריקע אודאי א מאסע הינטער זיך, וועמעס אידעאלן און שטרעבונגען זיי אנטשפרעכן דע פאקטא, הגם מ'קען דאס ניט פיקסירן אין ציפערן; אויב דער „בונד" אין פוילן איז אנערקענט און געשטיצט געווארן פון דער קאנווענשן, ווייל ער שטייט אויפ'ן פאסטן פון רעוואלוציאניזירן די מאסן, האבן די דערמאנטע ארגאנען אודאי געדארפט אנערקענט און געשטיצט ווערן.

און אויב די קאנווענשן אין באסטן האט באוואוסטזיניק (ניט בלויז אויס געוואוינהייט, אינערטיש) אנערקענט דעם „בונד" אין פוילן טאקע פאר דער לעצטער איינגנשאפט זיינער, האט זי באוואוסטזיניק באגאנגען א פארברעכן קעגן די ארבעטער אין אמעריקע, ווען זי האט ניט אנערקענט און ניט געשטיצט די צוויי דערמאנטע ארבעטער־צייטשריפטן.

ארויסגייענדיק פון די מאטיוון, דריקט אויס דער האמלער סאצ. בר. 352 א. ר. זיין שטארקסטן פראטעסט קעגן דער ניט לאגיש און פרינציפלאזער האנדלונג פון דער קאנווענשן און פאדערט אויף דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע צו באשטימען פון די פאנדן פאר הילף־צוועקן א געוויסע סומע פאר'ן „קאמף" און „פראלעטאריער". אויף אזא אופן וועלן די צוויי ארגאנען באקומען אן אומדירעקטע אנערקענונג, וואס זיי האבן לויט דער מיינונג פון בר. 352 כשר פארדינט.

האמלער בר. 352 א. ר.

פון דער רעדאקציע: די האנדלונג פון בר. 352, שטימענדיק פאר אלע רעקאמענדאציעס פון דער קאנווענשן, כאטש ער איז נישט איינשטימיק מיט דער האנדלונג פון דער קאנווענשן אין באצוג די אויבנדערמאנטע צייטונגען, איז אזא, פון וועלכע א סך, א סך פון אונזערע ברענטשעס האבן זיך געמעגט אראפנעמען א משל. איבערהויפט בר. 620. אזוי דארף האנדלען א דיסציפלינירטער און באוואוסטזיניקער ברענטש אין ארבעטער־רינג.

---

ווערטער רעדאקטער פון „פריינד", י. ב. ביילין:

פארלעזנדיק דעם צושריפט פון בר. 620 אויף אונזער לעצטן מיטינג, וואו זיי פאדערן אויף אלע ברענטשעס צוריקצואווייזן די שטיצע, וועלכע עס איז באשלאסן געווארן ביי דער לעצטער קאנווענשן צו געבן דעם „בונד", דער פעדעראציע און די אנדערע ראדיקאלע ארגאניזאציעס, אנרופנדיק די דערמאנטע ארגאניזאציעס קאנטער־רעוואלוציאנערע, באשליסט דער בר. 62 ענערגיש צו פראטעסטירן קעגן אזא זינלאזער, פארברעכערישער האנדלונג, און פארדאמען אזעלכע פאסקווילן. מיר ווייסן, אז דאס איז כזוב ושקר און דאס זוכט בלויז אריינצוברענגען מיסטרויען און צעשטערונג אין דער ארבעטער־באוועגונג.

די מיטגלידער פון בר. 620, וועלכע רופן זיך מיט נעמען פון אזעלכע צוויי מארטירער ווי קארל ליעבקנעכט און ראזע לוקסעמבורג, דארפן זיין די לעצטע צו פארלוימדן אונזערע ראדיקאלע ארגאניזאציעס.

מיט פריינדלאכן גרוס,

י. שטיינבערג, סעקר. בר. 62 א. ר., פאסייק.

---

## רעזאלוציע

ביי א ספעשל מיטינג, וואס איז פאררופן געווארן צו שטימען דעם קאנווענשן־רעפערענדום, איז פארגעלעזן געווארן א צושריפט פון גענעראל אפיס, דאס די קאנווענשן האט א דעפיציט פון 40 טויזנט דאלער, איז בכן נעמט זי זיך דאס רעכט צו טעקסן יעדן מיטגליד מיט 50 סענט, צו דעקן דעם דעפיציט, און אין דערזעלבער צייט ווארנט זי אונז, אז די נעקסטע קאנווענשן וועט נאך קאסטן פילייכט מער, און בעט אונז, אז מיר זאלן זיך ניט אריינטראכטן אין דער דאזיקער פראגע, מיר זאלן אויסגעפינען א רפואה צו די דאזיקע איבלען. דער ברענטש האט אויפגענומען אט די פראגע. נאך א לענגערער דיסקוסיע איז מען געקומען צו דעם פאלגענדן באשלוס, דאס מיר צאלן דעם טעקס פון 50 סענט מיט א פראטעסט. די אלטע עקזעקוטיוו האט געדארפט פארויסזען דעם פארלוסט און געדארפט זוכן מיטלען, אנגענומען פארשידענע רעקאמענדאציעס צו דער קאנווענשן וועגן דער פראגע, און דאס איז ניט געטאן געווארן, איז דאס מער ניט ווי א פארנאכלעסיגונג. אויך א באווייז, זיי ווילן זיך ניט רעכענען מיט די שווער פארהארעוועטע סענטן פון דעם ארבעטער. אונזער איינציקער מיטל איז, אז די יערלאכע קאנווענשנס זאלן אפגעשאפט ווערן. זאלן איינגעפירט ווערן 3־יערלאכע גרויסע קאנווענשנס. יעדער ברענטש זאל האבן דאס רעכט צו זיין פארטראטן מיט א דעלעגאט. מיר וואלטן פארלאנגט, אז יעדער ברענטש זאל קומען צו אונזער באשלוס נאכדעם, ווען זיי וועלן דיסקוטירן די פראגע. עס איז די מיינונג פון ברענטש, אז די דאזיקע רעזאלוציע זאל געדרוקט ווערן אין אונזער ארגאן, דעם „פריינד".

בר. 496 א. ר.; הערי נעלסאן, טשערמאן.

פון דער רעדאקציע: ווען די מיטגלידער פון בר. 496 וואלטן ניט פארגעסן

די מיטגלידער פון דער נאצ. עקז. קאמ. זיינען אליין אויך ארבעטער און מיטגלידער פון ארבעטער־רינג און דארפן אויך צאלן די בילס אזוי גוט ווי יעדער מיטגליד אין ארדן, וואלטן זיי נישט באשולדיקט די נאצ. עקזעק. אין נישט וועלנדיק זיך רעכענען מיט די שווער־פארהארעוועטע סענטן פון די ארבעטער. אפשאפן די יערלאכע קאנווענשנס קאן נאר א קאנווענשן פון א. ר. צוזאמען מיט'ן רעפערענדום. די נאצ. עקזעקוטיווע קאן אין דעם גאר גישט האנדלען.

ביי א ספעשל מיטינג פון בר. 29, אפגעהאלטן דעם 10־טן דזשולאי, האבן מיר פארהאנדלט דעם צושריפט פון אפיס צו אלע ברענטשעס, ווי אזוי אפצושאפן דעם איבל פון דעפיציטן נאך יעדער קאנווענשן. מיר געפינען, אז יערלאכע קאנווענשנס זיינען ניט נייטיק, און אויב די אינשורענס באאמטע פארלאנגען יא, אז א קאנווענשן זאל שטאטפינדן יעדעס יאר, און אויב די נעקסטע קאנווענשן מוז שטאטפינדן אין טאראנטא, קענ., רעקאמענדירט בר. 29, אז די נעקסטע קאנווענשן זאל גערופן ווערן בלויז פון דער נאציאנאלער בארד אף דירעקטארן, מיט אן אויסגאבע ביז $5,000, און דאס, דענקן מיר, וועט זיכער אפשאפן די דעפיציטן פון 40,000 דאלערדיקע.

בר. 29 א. ר., באפלא; פיליפ פישער, רעק. סעק.

קאנווענשן סעקרעטאריאט ארבעטער־רינג

איך האב היינט דורכגעלעזן דעם לעצטן נומער קאנווענשן־בולעטין, און איך וואלט געוואלט מאכן א קליינע קארעקשן אין באצוג מיינער א פראגע צו דעם באריכט פון דער נאציאנאלער בארד אוו דירעקטארן פארטרעטער. מיין פראגע איז געווען אין באצוג בר. 192, פעטערסאן, נישט בר. 184, ווי עס איז איבערגעגעבן אין בולעטין.

א. בריק, בר. 288 א. ר.

ווערטער רעדאקטער פון „פריינד"!

אלס מעמבער פון א. ר. וויל איך זאגן א פאר ווערטער וועגן זעהר א וויכטיקער אנגעלעגנהייט.

הגם ווען מיין בריף וועט זיין געדרוקט, גלויב איך, וועט מען שוין וויסן ווער עס איז ערוויילט אין דער עקזעקוטיוו פאר דעם יאר 1921־1922, פונדעסטוועגן וועט ניט שאדן, אז ביי די קומענדיקע וואלן זאל מען האנדלען אביסל מער לאגישער און איינפירן א בעסערע מעטאדע.

יעצט פירט זיך אזוי: די ברענטשעס פון ניו־יארק טעריטאריע (וואס דערגרייכט ביז פינף און צוואנציג סענט קאר־פעיר) קומען זיך צוזאמען און קלייבן אויס א געוויסע צאל דעלעגאטן און די קומען זיך ווידער צוזאמען און קלייבן פון זיך אויס זעכציג, ווערן ארויפגעשטעלט אויף די באלאטס און פאנאנדערגעשיקט צו די ברענטשעס, אז מען זאל פון זיי אויסקלייבן דרייסיג. גאנץ דעמאקראטיש! אבער עפעס פעלט אין דעם, וואס מאכט אז איר זאלט ניט וויסן וואס און ווען. עס איז ווי מיט יענעם חתן, וואס האט זיך פארליבט אין א בילד, און ווען ער האט זיך דערנאך געטראפן מיט דער מיידל, האט ער אויסגעפונען, אז זי איז גאר א שטומע . . . ביי אונז אין בר. איז פארגעקומען אזא סצענע: דער טשערמאן האט איבערגעלעזן די נעמען אויפ'ן באלאט און האט געהייסן די מעמבערס זיך צוצוגרייטן צום וואוטן . . . ער האט אויסגערופן דעם ערשטן נאמען און האט געפרעגט, ווער ס'איז דערפאר, זאל געבן א צייכן מיט'ן האנט — אבער די מעמבערס האבן ניט געוואוסט ווער ער איז, וואס ער איז און וואס ער האט געטאן און וואס ער וויל אויפטאן. דא איז אפילו ניט געווען א בילד צו זען, צי ער איז שוין גענוג, צי ניט . . . עס האבן זיך אנגעהויבן צו שיטן פראגן און ענטפערס און מ'האט ניט געקאנט קומען צו קיין טאלק. טאקע גיי וואוט פאר מענשן וואס דארפן פארטרעטן אזא פאראנטווארטלאכן אמט און ווייס ניט ווער זיי זיינען. ביי יעדן נאמען האט זיך אויפגעהויבן די פראגע, ווער? וואס? די מעמבערס האבן געפרעגט אינפארמיישן דעם טשערמאן, דעם סעקרעטער, אבער זיי האבן אויך ניט געוואוסט פאר וועמען צו רעקאמענדירן. א חוץ די עטלאכע נעמען, וואס זיינען פאפולער פאר זייער גוטער ארבעט פאר'ן א. ר., האט מען די איבריקע ניט געוואוסט ווער זיי זיינען. מ'האט איבערגעלעזן די נעמען איין מאל, צוויי מאל, דריי מאל. מיט דער האפענונג, אז הערנדיק עטלאכע מאל, וועלן זיי ווערן מער פאפולער און מ'וועט וויסן פאר וועמען צו שטימען. דער סוף איז געווען, אז מ'האט גאר ניט געוואוסט און מ'האט אוועקגעשיקט דעם בלענק א ליידיקן אין אפיס . . . היינט פרעג איך, פארוואס זאלן מיר זיך ניט פירן אביסל פראקטישער, מיט מער לאגיק און שכל. ווארום זאלן אט די נאמינירטע קאנדידאטן ניט באזוכן די ברענטשעס, וואס זיי קאנען דערגרייכן, און דערקלערן זייערע פרינציפן, מיינונגען, זייער פראגראם, וואס זיי ווילן און וואס זיי וועלן אויפטאן, אויב זיי וועלן ערוויילט ווערן? ווארום זאלן זיך די מעמבערס מיט זיי ניט זען פערזענלאך און הערן ווי זיי רעדן און וואס זיי האבן צו זאגן. פארוואס זאלן זיי ניט אנפירן א קאמפיין און דערמיט פאראינטערעסירן די מעמבערס אין געוויסע פראגן פון א. ר. און מאכן דעם גאנצן ארדן שטארקער? דאס וועט מאכן, אז די מעמבערס וועלן זיך באקאנען מיט זייערע פירער און האבן צו זיי מער צוטרויען, מער גלויבן (הגם צוטרויען פעלט אין א. ר. יעצט אויך ניט). דאס וועט מאכן די מעמבערס מער אקטיוו און עס וועט אריינברענגען מער לעבן, מער אינטערעס און אונזער עקזעקוטיוו וועט ווערן ביי די מעמבערס מער פאפולער. ווארום זאלן די עטלאכע פאפולערע קאנדידאטן, מיט דער רעפיוטיישן וואס זיי פארמאגן, שלעפן די איבריקע, וואס זיינען פאר די מעמבערס א נעהיימנים?

וואלף איוועננסקי, מעמבער פון בר. 146 א.ר.

ווערטער פריינד רעדאקטער ביילין!

אויף די קאלומס פון „פריינד" האב איך געלעזן איינינע בריף פון פריינד, וואו איינינע שרייבן, אז דער „פריינד" ווערט ניט געלעזן פון א גרויסן טייל פון אונזערע מיטגלידער; אז דער „פריינד" ווערט ניט געלעזן דערפאר, ווייל עס איז אין אים ניטא גענוג ארטיקלען איבער אנדערע פראגן, מער וויכטיקערע ווי א. ר. אנגעלעגנהייטן.

איך וויל, אלס סעקרעטער פון א ברענטש, זאגן, אז כמעט ביי יעדן מיטינג האב איך קלאגעס פון מיטגלידער, ווארום זיי דערהאלטן ניט דעם „פריינד" (דאס דארף דער פריינד פארמיידן), און דאס ציינט, אז די מעמבערס לעזן יא דעם „פריינד".

ווידער וויל איך זאגן, אז דער „פריינד" איז פריער פון אלץ אן ארגאן פון א געוויסער קערפערשאפט, פון א. ר., און די הויפט־אויפגאבע זיינע איז, צו דרוקן און אפשפיגלען דאס לעבן און טעטינקייט ווי פון א. ר. אלס גאנצן און פון די איינצעלנע ברענטשעס: פארהאנדלען פארשידענע פראגן, וואס זיינען שייך צום ארדען א. אז. וו.— און דאס דערפילט דאך דער „פריינד". אמת, ס'איז דא גאנץ וויכטיקע פראגן אויסער דעם א. ר., וואס אינטערעסירן דעם ארבעטער, אבער די דאזיקע פראגן ווערן דאך באהאנדלט אין יענע זשורנאלען און מאגאזינען, וואס זיינען געגרינדעט פאר דעם צוועק — און דארטן איז דער פלאץ פאר אט די ארטיקלען. היינט צו וואס קריטיקירן דעם „פריינד", פארוואס ער מאכט ניט פון טפל (ארטיקלען איבער פראגן אויסער דעם א. ר.) אן עיקר? און בפרט נאך, אז דער „פריינד" דרוקט יא אלס א מין פארשפייז אפהאנדלונגען איבער פארשידענעם?

צום שלוס וויל איך זאגן א פאר ווערטער וועגן מיין פערזענלאכער באציאונג צום „פריינד". דאס ערשטע וואס איך נעם לעזן אין „פריינד", ווען איך דערהאלט אים, איז די רעפארטן פון גריווענס און בענעפיט קאמיטעס. אט די רעפארטס, דוכט מיר, שפיגלען אין זיך אפ (ספעציעל די גריווענס רעפארטס) דעם קווינט־עסענץ, די נשמה פון א. ר. און מיר דוכט, אז ס'וואלט געווען ווינשנסווערט, די דאזיקע רעפארטס פארצולעזן ביי ברענטש־מיטינגען. נאכער לעז איך די רעפארטס פון די איבריקע קאמיטעס פון א. ר., און ערשט דאן די אלגעמיינע ארטיקלען.

א. לאשער, פינ. סעק. בר. 65, שיקאגא.

ווערטער פריינד רעדאקטער י. ב. ביילין!

דערלויבט מיר, פריינד רעדאקטער, צו ענטפערן אייך אויף אייערן „אן ענטפער אויף א בריף", וואס איר האט געשריבן אין „פריינד" פון מאנאט פעברואר. איך וועל צו אייך ניט זיין וויציק, ווי דער פריינד ל. פון ווינניפעג, דען איך בין ניט קיין וויצלינג, נאר איך וועל אייך דערקלערן מיט פאקטן ווארום די שטרייך־מגפה פארשפרייט זיך אין אונזער ארדן. איר ווייסט, פריינד רעדאקטער, אז יעצט צו באלאנגען צום א. ר. איז פאר אן ארבעטער דער גרעסטער לוקסוס? איך בין אריין אין א. ר. מיט מער ווי 10 יאר צוריק, האב איך געצאלט 3 דאלאר מיט סענטן אין א. ר. און יעצט איז שוין א ביל 8 דאלאר. וועלכער ארבעטער, וואס ארבעט ביי א טרייד, וואס די פארדינסטן זיינען פון 12 ביז 20 דאלאר א וואך, ווי די „זיידענע טארבעס", קען אויסהאלטן צו צאלן אזעלכע שווערע בילס, ווען מען האט נאך א 4 קליינע עסערס ביים טיש? איר גיט אן עצה, אז מען זאל שפארן אלע טאג צו 5 סענט. עס קומט אויס ווי מען דערציילט, אז אמאל זיינען געווען אין ווילנע מאנטעפיארע מיט זיין פרוי, זיינען געקומען צו אים די חברה יולדות, ד. ה. קימפעטארינס, בעטן שטיצע. האט זיי זייער סעקרעטאר געענטפערט: „די פרוי וואס ווייס, אז אין אכט מאנאטן וועט זי געבארן א קינד האט געדארפט שפארן אלע טאג צו 5 קאפיקעס, וואלט זי געהאט אויף קימפעט און אלע הוצאות". פיליכט, פריינד רעדאקטער, איז ניטא פון וואס צו שפארן אין אזא ברענענדיקן יקרות. רעכנט אליין צאלט מען דאך יעצט 35 דאלאר א מאנאט! איך גלויב אז די עקזעקוטיווע איז א סך פאראנטווארטלאך פאר די גרויסע בילס און פאר דער שטרייך־„מגפה". אט האט אונזער עקזעקוטיווע אריינגעבראכט א פארשלאג צו דער בענעפיט קאמיטע. אז קראנקע זאלן צאלן דורכ'ן ארדן נאך די יארן און מען איז שוין געגאנגען צום באוואוסטן „על־דרידזש", דער „אנדערטייקער" פון געשטראכענע מעמבערס, און ער האט געבראכט א רעכענונג. אז יעדער מעמבער זאל צאלן נאך די יארן. אבער עס וועט אויסקומען מיט א 3 אדער מער דאלאר אויפ'ן ביל. האבן זיך אונזערע קלוגע עקזעקוטיוו לייט בארעכנט, אז דאס איז יעצט צופיל. נאר מיט דער צייט וועט דאס ווערן. איך, וואס שרייב די ציילן, בין געווען א רעקארדינג סעק. אין א גרויסן ברענטש, האב איך באזוכט אין מיינע איין און א האלב יאר וואס איך בין געווען אין אמט עטלאכע צענדליק געשטראכענע מעמבערס. יעדערער האט מיר געזאגט, אז ער שטרייכט זיך ווייל די בילס זיינען צו גרויסע. דער אומגליק איז וואס אי אין ארדן אי אין ברענטש רעכנט מען זיך ניט מיט די מאסן, נאר מען רעכנט, אז נאך 10 סענט א קווארטל, נאך 5 סענט. עס מאכט ניט אויס. אי דער ביל וואקסט, און נאך יעדן טעקס און גרעסערע בילס פאלן ארויס צענדליגע מעמבערס? דאס ארט ניט אונזערע פירערס. די יעצטיקע צוויי קאמפיינס קאסטן אפ א סך טויזענטער. פרעגט וויפיל מעמבערס וועלן זיך לאזן שטרייכן נאך די יעצטיקע קאמפיינס?..

איך האף, פריינד רעדאקטער, אז איר וועט דרוקן מיינע עטלאכע ערנסטע ווערטער.

א מעמבער פון בר. 121, פעטערסאן, נ. דזש.

ווערטער רעדאקטער פון „פריינד":

דערלויבט מיר צו ענטפערן פריינד ס. רובין אויף דעם „פארוואס?"

איך בין איינער פון די ערשטע גרינדער פון בר. 29 א. ר. פון אונזערע 16 מעמבערס, די ערשטע גרינדער, זיינען מיר געווען 12 אויסגעשפראכענע סאציאליסטן. מיר האבן געזוכט פארשידענע וועגן ווי צו פארשפרייטן אין באפאלא דעם סאציאליזם. ביז מיר האבן געלעזן אין „פארווערטס" אן אדווערטייזמענט פון א. ר., אז דער ארבייטער רינג איז א סאציאליסטישע געזעלשאפט וואס לערנט סאציאליזם און דערצו גיט ער קראנקן־ און אינשורענס־בענעפיטס. אונזער הייפעלע גענאסן האבן זיך דערפרייט: איצט איז פאראן א באדן צו ארבעטן און ווירקן. און אזוי איז דאס טאקע געווען. ווען מיר פלעגן גיין אריינעמען א נייעם קאנדידאט, האבן מיר אים געזאגט אונזערע פרינציפן: אז אויב ער וויל באלאנגען צום א. ר., מוז ער וואוטן א „סטרייט סאשעליסט טיקעט"; ער טאר ניט סקעבן . . . מיט איין ווארט, מען האט אים געלערנט דעם סאציאליזם אויף איין פוס, און אויב ער איז געווען צופרידן, האבן מיר דאן געזאגט וואס דער א. ר. גיט. מיר האבן געהאט ניט קיין גרויסן ברענטש, אבער עס איז ניט אוועק א מיטינג אן א לעקטשור אדער דיסקוסיע. מיר זיינען אלע געווען ווי איינער און איינער ווי אלע.

די לעצטע יארן האט מען אנגעהויבן כאפן רעקרוטן, ווי אמאל אין רוסלאנד פאר ניקאלאיען. מען האט ניט געקוקט ווער דאס איז. מען האט יעדן צוגעזאגט גרויסע בענעפיטס, אינשורענס, סעמעטערי, סאניטאריום, מיט איין ווארט, מען זאגט צו דעם קאנדידאט די גרעסטע גליקן, אבי ער זאל אריין צום א. ר. נו, נו, האבן מיר היינט וואס? גאר ניט. בענעפיטס און דאטס־אל. מיר, די אלע אלטע ראדיקאלע מוער, האבן געמוזט ווייענדיקערהייט סטאפן גיין צו די מיטינגען, ווייל וואס ווייסן די אלטע נארן. אבער די יונגע פארגרעסערן דעם א. ר. וואס נאך דארף מען. יעצט, פריינד רובין, פארשטייט אליין די אורזאך.

סאלאמאן קיסין, בר. 29, באפאלא, נ. י.

ביי א מיטינג, איינבארופן פון אלע א. ר. מיטגלידער פון לאס אנדזשעלעס, שבת אווענט דעם 4־טען יוני 1921, איז מיט 29 שטימען דאפיר און 11 דאגעגן אנגענומען געווארן די פאלגענדע רעזאלוציע:

אויסהערענדיק דעם באריכט פון אונזער דעלעגאט פר. וויזינגייר צו דער 21־טער קאנווענשן פון א. ר., דריקן מיר אויס אונזער צופרידנהייט מיט דער שטעלונג, וועלכע אונזער דעלעגאט פר. וויזינגייר האט גענומען פאר דער איינדארסירונג פון דער רעוואלוציאנערער סאציאליסטישער פרעסע.

מיר דריקן אויך אויס אינזער האפנונג, אז דער א. ר. אלס אן ארבעטער־ארגאניזאציע וועט איינזען די נייטיקייט צו שטיצן מאטעריעל און מאראליש די פרעסע, וועלכע פארטיידיקט און רעפרעזענטירט דעם רעוואלוציאנערן סאציאליזם, ווי דער „קאמף", „פראלעטאריער", „טוילער" און ענלאכע.

אהרן שאפירא, טשערמאן פון מיטינג,
ר. ראזענסטיין, ס. קאדיש,

ביי א גוט־באזוכטן מיטינג פון די פעטערסאנער א. ר. שולן־פארוואלטונג, וועלכע באשטייט פון די פאלגענדע א. ר. ברענטשעס: 18, 16, 106, 140, 421 און בר. 3 ס. פ. איז אנגענומען געווארן די פאלגענדע רעזאלוציע:

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז די א. ר. שולן זיינען ביי היינטיקן טאג דער איינציגער געגן־גיפט געגן דעם שעדלאכן איינפלוס פון די פאבליק סקולס און העלפט באקענען אונזערע קינדער מיט די אידעאלן און שטרעבונגען פון זייערע עלטערן, און אויך נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז דער „פארווערטס", אין אן אומגערעכטער אטאקע אויף אונזערע א. ר. שולן, באשולדיקנדיק זיי אין זאכן, וועלכע זיינען אדער אינגאנצן פאלש, אדער גוואלדיק איבערטריבן,

דארום זיי עס באשלאסן, אז מיר, פארזאמלטע, דריקן אויס אונזער פראטעסט געגן אזעלכע אטאקעס אויף אונזערע א. ר. שולן.




# דאנק רעזאלוציאנען

ביי אונזער 14־טן יארעספעסט, אפגעהאלטן זונ־טאג דעם 29־טן מאי, אין קלינטאן האל, 151 קלינטאן סטריט, איז איינשטימיק אנגענומען גע־ווארן א דאנקס־רעזאלוציע צו אונזער פינאנס־סעקרעטאר בעני קנאבלער פאר זיין איבערגעבע־נער ארבעט אלס סעקרעטאר צו אונזער בר. 132 א. ר.

מיר דריקן אויס אונזער דאנק צו איהם און מיר האפן, אז ער וועט זיין ארבעט פארזעצן אויך אויף ווייטער.

די קאמיטע: סאקאלאווסקי, קאטלער.

---

בר. 125 א. ר. האט ארגאנזירט א גרויסאר־טיקן אפשייד־אוונט פאר די פריינד לואי און בעסי אוונעט, אום אויסצודריקן א דאנק פאר זייער טעטיקייט און איבערגעבנהייט צום ברענטש. מיר האפן דאס די פריינד וועלן ווייטער זיין ניצ־לאכע מעמבערס פון זייער נייעם ברענטש.

בר. 125, קינגסטאן, נ. י.; באלזאם, סעק.

סקרענטאן, פא., בר. 112

---

אין נאמען פון אונזער בר. 112 באדאנקט איך די אלע ברענטשעס פון א. ר. פאר זייער ווארימען און הארצלאכן מאטעריעלן ענטפער אויף אונזער אפיל פאר אונזערע קראנקע מעמבערס.

לעסטער פאלאקאוו, סעק.

די פאלגענדע ברענטשעס האבן בייגעשטייערט צו 50 סענט: 2, 31, 51, 61, 22, 27, 28, 29, 36, 39, 42, 47, 48, 68, 70, 99, 101, 109, 116, 118, 119, 127, 132, 136, 140, 157, 165, 166, 173, 178, 198, 200, 202, 205, 208, 220, 222, 125 234, 240, 245, 250, 251, 259, 281, 287, 303, 316, 318, 315, 322, 349, 353, 362, 367, 377, 416, 426, 431, 447, 478, 486, 483, 496, 581, 534, 554, 556, 561, 565, 571, 576, 584, 598, 618, 637. צו 60 סענט: 500, 566. צו 75 סענט: 581. צו איין דאלאר: 3, 4, 6, 7, 10, 11, 18, 20, 23, 24, 45, 47, 52, 62, 54, 68, 65, 69, 73, 75, 76, 70, 82, 84, 88, 90, 110, 118, 117, 120, 123, 128, 137, 142, 144, 145, 149, 162, 163, 167, 169, 182, 185, 194, 197, 200, 206, 216, 224, 228, 242, 253, 256, 258, 71,, 273, 276, 277, 279, 284, 288, 295, 286, 304, 312, 311, 313, 317, 320, 324 348, 366, 378, 380, 385, 389, 382, 396, 397, 408, 420, 429, 431, 451, 459, 473, 488, 484, 475, 503, 502, 539, 552, 553, 505, 541, 556, 585, 409, 589, 575. צו $1.50: 474, 569. צו $1.75: 105. צו $3.00: 414, וואודרידזש. צו $9.00: 441. צו $10.00: 113. צו צוויי דאלאר: 46, 55, 78, 92, 94, 108, 114, 125, 126, 161, 191, 154, 319, 358, 370, 383, 433, 434, 543, 587, 599, 641. צוזאמען $214.70.

---

פאלגענדע ברענטשעס האבן בייגעשטייערט אויף דעם אפיל פון בר. 172 פאר קראנקע מיט־גלידער אין ברענטש:

צו 50 סענט: 104, 116, 99, 87, 493, 457, 198, 59, 173, 8, 16, 447, 576, 349, 28, 82, 19, 42, 315, 87, 119, 416, 262, 639, 584, 134, 175, 353, 281, 194, 319, 18, 598, 70, 220, 127, 202, 114, 263, 569, 98, 96, 123, 95, 250, 63, 84, 208, 242 110, 27, 486, 140, 361, 251, 260, 39, 505, 29, 577, 245, 373, 64, 533, 178, 305, 158, 121, 637, 618, 570, 240, 182, 554, 657, 101, 105, 292, 369, 76, 496, 36, 48, 625, 530, 47, 253, 23, 152, 390, 565, 386, 280, 192, 490, 13, 249, 277, 341, 534, 541, 362, 4, 34, 30, 21, 325. צו 75 סענט: 71, 80. צו איין דאלאר: 630, 259, 344, 79, 65, 271, 431, 228, 488, 270, 113, 378, 599, 32, 217 333, 8, 1, 557, 573, 297, 45, 286, 142, 143, 165, 631, 495, 474, 409, 272, 10, 125, 108, 507, 165, 149, 608, 302, 512, 295, 441, 266, 73, 6, 80, 61, 169, 117, 185, 216, 114, 552, 320, 128, 189, 279, 443, 408, 591, 475, 54, 168, 459, 46, 481, 120, 389, 112, 24, 256, 324, 395, 429, 211, 7, 136, 206, 288, 118, 587, 415, 268, 224, 650, 382, 536, 22, 655, 25, 658, 575, 387, 469, 212. צו $1.50: 126, 177, 68, 314, 643, 610, 553. צו $2.00: 414. צו $3.00: 108, 358, 92. צו $5.00: 130, 647. 592. ניט באוואוסטע ברענטשעס: $1.00, $2.00.

אין נאמען פון אונזערע קראנקע מיטגלידער דאנקן מיר די אלע ברענטשעס, וועלכע האבן ביי־געשטייערט פאר דעם נאבעלן צוועק.

ב. לעווין, סעק. בר. 172 א. ר.

---

ביים לעצטן ספעשל מיטינג פון בר. 6 א. ר., ווען מיר האבן אנגענומען די רעזיגנאציע פון אונזער רעקארדינג סעקרעטער, פריינד דזש. בלים, וועלכער מופט מיט זיין פאמיליע אין לאס אנ־דזשעלעס, קאליפ., צוליב חיונה, איז באשלאסן געווארן אויסצודריקן אונזער דאנק דורכ'ן „פריינד" צו פריינד דזש. בלים פאר זיין איבער־געבנהייט צום בר. 6 בפרט און טריהייט צום א. ר. בכלל און ווינשן איהם ערפאלג אין דער נייעם היים.

ס. יעלין, סעק.

---

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז אונזער פי־נאנס סעק. פר. מאקס סמאפסקי האט צוליב פער־זענלאכע אורזאכן מער ניט אנגענומען אלס סעק. פון אונזער בר., זייענדיק אין דעם אמט פאר די לעצטע 9 יאר, דריקן מיר, אלע מעמבערס, אויס דעם באדויערן איבער'ן פארלוסט פון זיין טעטיקייט אין בר. און מיר האפן דאס ער וועט אויף ווייטער בלייבן א טרייער מעמבער. אויך באדאנקען מיר אונזער געוועזענעם טרעזשורער אב. בעניםאף פאר די לעצטע 8 יאר פון טרייער און גוטער אויפפאסונג אין זיין אמט. אויך באַ־דאנקען מיר אונזערע געוועזענעם רעק. סעק. פר. קאנטראוויץ פאר זיין 3־יעריגער פינקטלאכער ארבעט. מיר ווינשן זיי אלע פיל גליק.

בר. 260 א. ר.; ל. שווארץ, סעק.

---

מיר, מעמבערס פון אסטראווער בר. 68 א. ר., דריקן אויס אונזער דאנקבארקייט צו מרס. עני ליכטענשטיין, די פרוי פון אונזער פארשטאר־בענעם פריינד מארים ליכטענשטיין, און אויך צו מר. דזשאזעף בלין, דעם שוואגער פון אונ־זער פארשטארבענעם פריינד, פאר זייער באמיען זיך און קומען צו אונזער ספעשל מיטינג דעם 21־טן אפריל 1921, און איבערגעבן צו אונזער ברענטש די סומע פון 2000 דאלאר, וועלכע אונ־זער פארשטארבענער פריינד מארים ליכטענשטיין האט איבערגעלאזן פאר דעם צוועק צו גרינדן א לאאן־פאנד, וואס זאל טראגן דעם נאמען מארים ליכטענשטיין לאאן פאנד פון בר. 68 א. ר.

רעזאלוציאנס קאמיטע:

ס. בייראן, א. בערענשטיין, ה. גרושקין.

---

זיי עס באשלאסן, דאס מיר, די מעמבערס פון דעם האמסטעד פראגרעסיוו בר. 662 א. ר., פאר־זאמלט צו א רעגעלן מיטינג, זונטאג בייטאג דעם 14־טן מאי, דריקן אויס אונזער הערצלאכסטן דאנק צו אונזער פריינד און געוועזענעם פינ. סעק. פר. סעמועל גאדראן פאר זיין טיכטיקער און איבערגעבענער ארבעט אין ברענטש פון דעם ערשטן טאג וואס ער האט זיך געגרינדעט ביז יעצט.

מאיר לעווין, רעק. סעק.

---

מיר, די מעמבערס פון בר. 85 א. ר., דריקן אויס אונזער דאנקבארקייט צו דעם געוועזענעם האספיטאלער פר. דייוו שטיינמאן פאר זיין אומ־ערמידלאכער ארבעט אין אונזער ברענטש. מיט זיין אפפארן פון ניו־יארק פארלירט דער ברענטש איינעם פון די טעטיקסטע מעמבערס. מיר ווינשן איהם ערפאלג אויף ווייטער.

א. שטיינמאן, רעק. סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 556 א. ר., דריקן אויס אונזער דאנקבארקייט צו פריינד כאשקין פאר זיין טעטיקייט אין ברענטש. מיר האפן, אז ער וועט אנהאלטן זיין טעטיקייט אין ברענטש.

רעז. קאם.: ל. פיינבערג, א. לעף, סעק.

---

ביי א גוט־באזוכטן מיטינג איז איינשטימיק באשלאסן געווארן צו באדאנקען אונזער פריינד וואולף אייבראמס פאר זיין טיכטיקן אנטייל נע־מען אין אונזער לעצטער טעאטער אונטערנעמונג, מיט דער הילף פון זיין פרוי מרס. אייבראמס האט ער פארקויפט אלע איבערגעבליבענע טי־קעטס און אזוי ארום געהאלפן צו מאכן אינזער בענעפיט פאר אן ערפאלג.

בר. 255 א. ר.; וום. זיידעמאן, סעק.

---

דאנק דעם א. ר. ברענטש אין ־סקענעקטערי פאר די 75 דאלאר, מיט וואס זיי האבן מיר אויסגעהאלפן אין צייט פון נויט.

שרה, בערגער, ס. א. ל.

## צום וואויל און בעסטן

### אן איינלייטונג פאר א דיסקוסיע

פון מ א ק ס פ ר ו ב ט מ א ן

איך גלויב, אז עס וואלט זייער ווינשנסווערט געווען, אז דער „פריינד" זאל אפגעבן אן עקסטרא פלאץ פאר'ן פונקט „צום וואויל און בעסטן". געווינלאך ווען א מעמבער, וואס געפינט זיך אין א שטאט וואו עס איז דא א בראנטש פון א. ר., און אויב ער האט עפעס א געוויסן פלאן צום וואויל און בעסטן פאר'ן א. ר., קען ער דאס פארברענגען ביי זיין בראנטש־מיטינג און הערן די מיינונגען פון די אנדערע מעמבערס וועגן זיין פארשלאג.

גאנץ אנדערש איז אבער מיט א מעמבער „עט לארדזש". ער איז טאקע א פולבארעכטיקטער בירגער אין ארדן, נאר ער האט ניט קיין פלאץ, וואו צו לאזן הערן זיין שטימע, אדער צו הערן א צווייטנס מיינונג וועגן א. ר. פראגן. דער בעסטער פלאן פאר אזא מיינונג־אויסטויש וואלט געווען אין „פריינד". דער „פריינד" זאל אפגעבן אן עקסטרא פלאץ, און זאלן די מעמבערס עט לארדזש אויך האבן אן אייגן ווינקל, וואו זיי זאלן קענען אויסדריקן זייערע מיינונגען. נאטירלאך, מיין איך ניט אז אויסער די מעמבערס עט לארדזש זאל קיין אנדערער ניט קענען נעמען קיין אנטייל אין דער אפטיילונג. ניין, זאל נאר די אפטיילונג איינגעפירט ווערן, וועלן שוין אלע נעמען אן אנטייל. באזונדערס די מעמבערס עט לארדזש.

עס איז אבער א פאקט, אז עס פעלט איניציאטיוו צו פארייניקן די גרויסע צאל מעמבערס עט־לארדזש. זייער טעטיקייט (ניט קוקנדיק וואס זיי זיינען צעווארפן איבער'ן גאנצן לאנד) וואלט געקענט זייער פיל נוצן ברענגען דעם א. ר. עס ווערט אבער פארנאכלעסיקט פון זיי אליין און די רעשט פון אונזער ארדן.

ווען דער שיקזאל פון א מעמבער רייסט אים ארוים פון שטאט און רייסט אים נאטירלאך אפ פון זיין טעטיקייט אין דער באוועגונג, האט דער ארדן אלס א גאנצער, וואס די מעמבערס עט לארדזש שטייען אונטער זיין אויפזיכט, געדארפט נעמען אן אינטערעס, זאל עס זיין כאטש דורך א פאסיקן צושריפט: אויסצוגעפינען, צי די אלע געוועזענע אקטיווע מעמבערס זיינען נאך פאראינטערעסירט אין א. ר., ווי אויך צי זיינען זיי פארבונדן מיט א ראדיקאלער סאצ. באוועגונג, יוניאן, אדער מיט די פארשידענע רעליף קאמפיינס.

אלס ביישפיל וועל איך נעמען אונזער רעליף־קאמפיין פאר אונזערע אומגליקלאכע מלחמה־קרבנות. הערט איר עפעס א סך פון אונזערע מעמבערס עט לארדזש? קריגט איר ארײן עפעס קאנטריביושנס דורך זייער טעטיקייט? דורכשניטלאך איז יעדער מעמבער עט לארדזש פונקט אזוי גוט אפ, אדער בעסער, ווי דער דורכשניטלאכער שטאטישער ארבעטער, און דאך טוט דער לעצטער פיל מער, סיי פינאנציעל, סיי מאראליש, ווי דער מעמבער עט לארדזש. און מיינט איר, אז דאס איז דערפאר, ווייל ער איז קארגער? ניין. עס איז בלויז דערפאר, וואס עס איז ניטא ווער עס זאל אים דערמאנען אן זיין פליכט. איך ווייס אז א גאנץ היבשע סומע געלט וואלט געקענט אריינקומען דורך א שטארקן אפיל צו אלע מעמבערס עט לארדזש. ניט קיין אפיל דורך דער פרעסע, נאר א דירעקטן אפיל, אויך א פאסנדן צושריפט מיט יעדן ביל פאר דעם קווארטאל. ס'וואלט געבראכט גוטע רעזולטאטן, ניט נאר פון זיי זעלבסט, נאר יעדער מעמבער קען אפילו אויף א קליינעם מאסשטאב אנפירן א רעליף־קאמפיין צווישן זיינע שכנים, אידישע אדער קריסטלאכע.

אלס ביישפיל קען דינען דער פאקט, וואס האט מיט מיר אליין געטראפן. עס איז מיר אמאל אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט א מאן אין מעקסיקא, ניט ווייט פון גרענעץ. ער האט זיך גראד דארטן משמח געווען ביי א גלעזל משקה. איך האב דערזען, דער מאן טראגט אין לאץ דעם באטן פון א. ר. דאס האט געצויגן מיין אויפמערקזאמקייט, ווייל, ווי ווייט איך האב געוואוסט, איז מעקסיקא נאך ניט אויף דער לאנדקארט פון אונזער א. ר.

נאך א קורצן געשפרעך אין שפאניש, זיינען מיר ארוים אויף פליין אידיש: דער פריינד האט מיר דערציילט, אז ער איז א טרעוולינג מאן. אזוי ווי ער איז אפט ארום דער גרענעץ, גלייכט ער אמאל צו מאכן א שאפל איבער דער מעקסיקאנער משקה. וואס זאל ער אנדערש טאן? ער האט געליטן פון דער זעלבער אפגעריסנקייט וואס איך און פילע אנדערע, וואס דער שיקזאל האט אונז באשטראפט און מען מוז ווייט אוועק פון פריינד און באקאנטע, און איבערהויפט פון אונזער ראדיקאלער וועלטל. איך ווייס ניט גענוי וויפיל מעמבערס עט לארדזש עס געפינען זיך, נאר איך גלויב אז די צאל מוז זיין א גאנץ היבשע. איך גלויב, אז אזא אפטיילונג אין „פריינד" וואלט פיל געקענט באהילפיק זיין צוזאמענצוברענגען אזעלכע מעמבערס.

לאמיר זאגן, אז אין א געוויסן סטייט איז דא 15 מעמבערס עט לארדזש, אין אן אנדערער — 25 מעמבערס. זיי קענען זיך אבער ניט איינער דעם צווייטן. אמאל קען זיין, אז אין דערזעלבער קאונטי אדער אין א דערבייאיגער שטעטל זיינען פאראן איינציגע מעמבערס, וואס וואלטן געקענט ביי א געלעגנהייט עפעס אויפטאן פאר דעם א. ר. נאר ווער ווייס פון זיי? איך מיין ניט, אז דער „פריינד" זאל איינפירן אן אדרעס־בוך פון די אלע מעמבערס עט לארדזש, נאר איך וואלט פארגעשלאגן אזא מין פלאן: לאמיר זאגן, אז אין ביזבי, אריזאנא, איז דא א מעמבער, אין דאגלעס — 2 אדער 3, אין טוסאן — 2, און פיניקס — 3, פילעכט אין אנדערע ארומיקע שטעטלאך — איינציקע מעמבערס. אט צווישן די זעלבע קאונטיס, אדער סטייטס, וואו דער ארדן האט נים קיין בראנטשעס קען מען צו יעדן מעמבער צושיקן א ליסט פון גענעראל־אפיס אלע 6 מאנאטן. דאס איז נ[illegible] פארבונדן מיט קיין עקסטרא עקספענסעס, און מעמבערס וואלטן זיך שוין צווישן זיך צוזאמענגערעדט און וואלטן עפעס געקענט טאן, אפשר גרינדן א בראנטש אויך.

יעצט וועגן אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט: די מעמבערס עט לארדזש ביישטייערן צו דעם עדיוקיישאנאל פאנד, אזוי גוט ווי יעדער מעמבער פון א בראנטש, אבער אויסער דעם „פריינד", קריגט ער גארנים. און איך גלויב, אז דער „פריינד" ווערט גראד מער געלעזן פון די קאנטרי מעמבערס ווי פון די שטאטישע. ווארום זאל דער „פריינד" ניט האבן אן אפטיילונג פון רעצענזיעס איבער ביכער, וואס זאל געבן אן איבערבליק איבער די לעצטע אויסגאבן פון אונזער אידישער אדער ענגלישער ליטעראטור?

וועגן אונזער ביכער־פארלאג: איך גלויב, אז ווען דער גענעראל־אפיס שיקט ארוים בילס צו די מעמבערס, ספעציעל די מעמבערס עט לארדזש, זאל מען אין יעדן בריף אריינלייגן א סירקולאר פון די לעצטע אויסגאבן, ווי אויך, אויב מעגלאך, אפקויפן פארשידענע אנדערע גוטע ביכער און רעקאמענדירן זיי צו די מעמבערס, וואלט עס געווען זעהר א גוטער פלאן, איבערהויפט ווען מען זאל קענען נאך קריגן די ביכער אויף אינסטאלמענטס. די מעמבערס וואלטן אויף אזא אופן געקענט ווערן באקאנט מיט די נייעסטע אויסגאבן, ווי אויך זיך איינשאפן די ניצלאכסטע ביכער. דאס וואלט אויך געהאלפן פארשפרייטן אונזער איינפלוס אויף א גרעסערן מאסשטאב.

אויב מען רעדט שוין וועגן אונזער פארלאג, איז ווערט צו דערמאנען די מוזיקאלישע אפטיילונג. מיר ווייסן, אז דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט גיט ארוים פאפולערע פאלקס־לידער און פרייהייטס־לידער. ליידער האבן אונזערע עדיוקיישאנאל קאמיטעס אלע געמאכט דעם זעלבן טעות. זיי האבן געווידמעט אלע אויסגאבן בלויז פאר געמישטע כארס. ווען איינער וויל גראד זיך באנוצן מיט די אויסגאבן פאר פיאנא אדער וויאלין, קען ער דאס ניט. אפילו אין די שטעט, וואו עס איז שוין דא איינציגע בראנטשעס, געלינגט אויך ניט אימער צוזאמענצושטעלן א. ר. כארן. אבער איר קענט געפינען גענוג מעמבערס, וואס גיבן זייערע קינדער א מוזיקאלישע ערציאונג און וואלטן זיך געפונען גליקלאך ווען זיי זאלן הערן ווי זייערע קינדער שפילן אונזערע אלטע פאלקס־ און פרייהייטס־לידער.

אלס א געוועזענער סעקרעטער פון פארשידענע בראנטשעס, וואס איך האב געהאט די ערע צו זיין אין פארשידענע שטעט, געדענק איך, אז ווען דער „פריינד" האט זיך נאר וואס געהאט געגרינדעט, האט מען אין די בראנטשעס פארלאנגט, אז אין „פריינד" זאל ווערן איינגעפירט א שטענדיקע דירעקטארי פון אלע בראנטשעס: וואו און ווען זיי מיטן און די נעמען פון זייערע באאמטע. און די אדרעסן נאטירלאך, האט מען דאן פארשטאנען, אז יעדער בראנטש זאל עקסטרא דערפאר באצאלן א קליינע סומע, וויפיל עס דארף קאסטן די אפטיילונג דערפאר. די נוצן, וואס די בראנטשעס און די מעמבערס פון א. ר. וואלטן דערפון געהאט, וואלט געווים זיך באצאלט. איך ווייס ניט די אורזאך, פארוואס די דאזיקע אפטיילונג איז נאך ביז'ן היינטיקן טאג ניט איינגעפירט געווארן. איבערהויפט יעצט, ווען דער א. ר. פאנקט אן צו פארשפרייטן זיינע צווייגן איבער'ן גאנצן לאנד, ווערט די נייטיקייט פון אזא דירעקטארי אלץ שטארקער. שטעלט אייך פאר, ווען א מעמבער פון ניו־יארק, וואס פארט נאך סענט לואיס אדער קענסעס־סיטי, אדער פארוועסט, און אויב ער וויל זיך אפשטעלן ערגעץ אין א שטאט, און אויב אז ער האט ניט קיין אדרעס צו באקאנטע, מוז ער ארומגיין זוכן וואו עס געפינט זיך ערגעץ א סיין פון „בשר כשר" און דארטן יעצט פרעגן, וואו וואוינט דא ערגעץ דער ארבייטער רינג? איר, מעמבערס פון ניו־יארק און פילאדעלפיע, מעגט אפילו וועגן דעם דענקן אנדערש, ווייל איר וואוינט אימער אין די גרויסע אידישע נעטכאס, אבער זאל נאר אייך דער שיקזאל אמאל פארווארפן אין די גרויסע וועסטערן שטעט, וועט איר זיכער זיך געפינען אין דער זעלבער פארלעגנהייט ווי דער שרייבער פון אט די ציילן, וואס האט געברויכט פרעגן אין קענזעס־סיטי ביי אן איירישן פאליסמאן: „ווער איז די דזשואיש נייבארהוד?" און ער האט מיר טאקע מיט זעהר א פריינדליכן טאן אנגעצייגט אויף א גרויסן דעפארטמענט סטאר, וואס טראגט א אידישן נאמען: „דער אר דזשום אין די מאסט, נאר די בעסט..." איך בין אפגעווען 5 טעג און האב אפילו קיין „בשר כשר" סיין אויך ניט געפונען. דאס זעלביגע האב איך געהאט אין פילע אנדערע שטעט. וואס איך ווייס אז זיי האבן גראד בראנטשעס פון א. ר. דאס איז דאס זעלבע אין אלע שטעט און שטעטלאך, וואס האבן ניט קיין עכטע אידישע דיסטריקטן. יא, פריינדע, א דירעקטארי פון די בראנטשעס, דענק איך, איז א נויטווענדיקייט פאר יעדן בראנטש, וואס ער זוכט מיטגלידער, ווי אויך פאר די מעמבערס אין אלגעמיין. אויב איר האט מורא טאמער ווערט חס ושלום ווער פארבלאנדזשעט און וועט בעטן ביי אייך שטיצע, איבערצייגט עס אבער ניט, אז איר זאלט זיך אויסבאהאלטן פון דער עפענטלאכקייט. די יעניגע עלעמענטן, פאר וועלכע איר ווילט זיך אויסבאהאלטן זיי קענען אייך סיי ווי סיי געפינען אן דער הילף פון א דירעקטארי, אפילו אן דער הילף פון אן איירישן פאליסמאן.

לאמיר האפן אז דער „פריינד" וועט אפגעבן פלאץ פאר דער דאזיקער אפטיילונג און וועט זוכן צו פארשטארקן די פריינדשאפט פון מעמבערס.

מאקס פרובטמאן,
מעמבער עט לארדזש, ביזבי, אריזאנא.

---

דער 19־יעריגער יובילייאום פון בר. 307 א. ר. פון גאלוועסטאן, טעק., איז געפייערט געווארן דע 29־טען מאי מיט א רעארגאניזאציאנס־מיטינג. פון די פארשידענע פראגן, וואס זיינען פארהאנדלט געווארן, איז, ערשטנס, דעבאטירט געווארן די פראגע וועגן דער ווידער־אויפלעבונג פון בראנטש. אלע מיטגלידער האבן שטארק באדויערט וואס צוליב געוויסע אומשטענדן איז דער היגער בראנטש געווארן הינטערשטעליק, ווען פריער איז דער דאזיקער בראנטש געווען איינער פון די טעטיקסטע אין סטייט. די מעמבערס האבן זיך מיט באגייסטערונג אונטערנומען אויפצולעבן דעם בר. און פר. א. וויינער איז ערוויילט געווארן אלס טעמפ. פינ. סעק., און האספיטאלער פר. וויינער אלס פראט. סעק., ס. פארנעשטיין און קאטין אלס אונטערזוכונגס קאם.

עס איז באשלאסן געווארן, אז דורך די זומער־מאנאטן זאלן די מיטינגען פארקומען יעדן לעצטן זונטאג אין מאנאט, אין פר. פארנעשטיינס הויז. די פייערונג האט זיך געענדיקט מיט רעדעס און פארלעזונגען.

פ. וויינער, טעמפ. פינ. סעק. בר. 307,
גאלוועסטאן, טעק.

---

To the Postmaster:—Please give key number of all notifications pertaining to change of address.

# FRIEND

# פריינד

אפיציעלער
ארגאן
פון
ארבייטער
רינג




## אינהאלט:



S. RASKIN

SEPTEMBER, 1921

THE FRIEND
OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIR...

...פטעמבער, 1921

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

L. ARKIN, Secretary National Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# THE FRIEND  דער פריינד

Vol. XII. SEPTEMBER, 1921 No. 9


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**הילף פאר רוסלאנד און פאר אידן**

די הילפס־אקציע, וואָס אונזער גענעראל־עקזעקוטיווע האָט יעצט אונטערגענומען פאר רוסלאנד, מוז געפינען אלע אונזערע ברענטשעס אין איין לאנגער, אנטשלאָסענער רייע דורכצופירן דעם קאמפיין נישט אויף קיין ערגערן אופן, ווי אונזערע פריערדיקע אויסשליסלאך־אידישע הילפס־קאמפאניעס.

דער הילפס־רוף פון דאָס פויערש־פראָלעטארישע רוסלאנד געפינט אן אפקלאנג אין אלע טיילן פון דער וועלט. וואו עס קלאפט נאָר א הארץ פאר פרייהייט און סאָציאליזם, וואו נאָר עס ווערט גע'חלומ'ט דער גרויסער חלום, וואָס די רוסישע סאָוועטן־רעפובליק האלט אין פארווירקלאכן, ווערט אונטערגענומען הילף אין דעם שרעקלאכן אומגליק, וואָס איז צוגעפאלן צו דער אויסגעמאטערטער לאנד.

מיר, אידישע ארבעטער, הערן אבער דעם רוף א סך העכער, א סך באדייטונגספולער. פאר אונז מיינט די יעצטיקע רוסלאנד מ ע ר ווי צו וועלכן עס איז אנדער פאָלק אין דער וועלט. פאר אונז איז רוסלאנד נישט נאָר דער אוואנגארד פון דער וועלטס פרייהייטס־ארמיי, וואָס גייט דער ערשטער אין געפערלאכסטן בראנד פון דער שלאכט — פאר אונז איז רוסלאנד אויך דער ערשטער אנזאָג, אז אונזער לאנגע פינסטערע גלות־נאכט האלט ביים סוף, די ערשטע בשורה פון אונזער אמת'ער גלייכבערעכטיגונג מיט אלע אנדערע פעלקער און לשונות אויף דער ערד.

אונזער הילף מוז זיין א שנעלע, אן אייליקע און אזוי ברייט און גרויס ווי נאָר מעגלאך. זאָלן מיר זיך אויף איין מינוט נישט אפנארן מיט די כלומר'שטע ישועות וואָס קומען פאר רוסלאנד פון די קאפיטאליסטישע רעגירונגס־קאמיטעטן, פון די הואווערס, לאיד־דזשארדזשעס, בריאנס, בענאמים א. א. וו. מיר קענען זיך גרינג אנשטויסן, אז זיי מיינען צו „העלפן“ מיט א לויט און אפצאפן בלוט פאר א פונט“. מיר זיינען בארעכטיקט צו פארדעכטיקן, אז אונטער דעם צדקה־פארטוך פון די צדקניות'ן ליגט באהאלטן א שארפער און שפיציקער מארד־מעסער. מיר זיינען זיכער, אז זיי זיינען נישט גערירט געוואָרן פון דעם הונגער־געשריי פון די עופה'לאך, וואָס שטארבן דאָרט אין די הונדערטער און טויזנטער. מיר ווייסן דאך ווי עס רירט זיי די נויט און הילפלאזיקייט פון די מיליאָנען ארבעטסלאזע אין זייערע אייגענע לענדער. מיר זעען טאָג־טעגלאך ווי אזוי אָט די בעלי־רחמים „באזאָרגן“ עס א ו נ ז ע ר'ע אייגענע הונגעריקע, אונזערע פארצווייפלטע און פאר'יאוש'טע.

נישט אראָפלאזנדיק אויף קיין רגע אונזער פארדעכטיק אויג פון אונזערע הוואווערדיקע בעלי־טובות, מוזן מיר מיט אלע אונזערע כחות זיך נעמען צו ארגאניזירן אלע וואָס געפינען זיך אונטער אונזער פאָן פאר דער גרויסער, שווערער, אבער וויכטיקער ארבעט.

אמת, די צייט איז יעצט א שלעכטע, א גרויסער טייל פון אונז ארבעט נישט, גאָר א גרויסער טייל ארבעט טיילווייז און פארדינט נישט גענוג צו מאכן א לעבן; אבער ווען מיר וועלן זיך אויף איין מאָמענט אריבערטראָגן, אין אונזער געדאנק, אהין, וואו מיליאָנען מענשן, די זאלץ און שמאלץ פון רוסלאנד, אירע אויסגעפרובירטע, טרייע און אנטשלאָסענע קעמפער, שטייט פאר דער געפאר צו שטארבן מיט א שרעקלאכן טויט — וועלן מיר גלייך דערפילן, אז מיר האָבן נאָך מיטלען צו העלפן, אז מיר קענען נאָך געבן ווי שלעכט עס זאָל אונז אליין נישט זיין.

אבער בשעת מעשה טאָרן מיר אויך נישט פארגעסן אונזער ארבעט, וואָס מיר פירן שוין אָן פאר די לעצטע 7־6 יאָר, אונזער הילפס־ארבעט פאר אונזערע אידן אין מזרח־איירָאפּע און ספּעציעל די, וואָס געפינען זיך יעצט אין אוקראינע און ווייס־רוסלאנד. שווער צו געפינען א קללה אין דער תוכחה, וואָס זאָל האָבן פארמיטן דאָרטן אונזערע פאראומגליקטע ברידער. די גיפטיקע שלאנג פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע האָט דעם גאנצן פעביקן סם אירן אנגעווענדט צו זיי. אלע קאטאסטראָפן פון דער גלות־לאנגער אידישער מארטירער־געשיכטע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין איין שרעקנס־וואָלקן און אין א ווילדן געוויטער אראָפגעלאָזט זיך אויפ'ן קאָפּ פון אונזער צעבלוטיקט און צעטראָטן פאָלק.

ד י ארבעט טאָר אויף א רגע נישט אויפהערן! זי מוז ענערגיש פארגעזעצט ווערן. איין הילפס־אקציע דארף נישט שטערן די צווייטע, איין הילפס־אקציע טאָר נישט פארטונקלען די צווייטע. ביידע זיינען בלוטיק וויכטיק, גלוטיק־דרינגנד. ביידע הילפס־אקציעס זיינען דורכגעפלאָכטן צווישן זיך און האָבן כמעט איין זין, איין באדייטונג.

ש ע ד ל י ך איז דער שטאנדפונקט פון יענע, וואָס שרייען, אז מיר טאָרן נישט פירן קיין אנדערע רעליף־אקציעס אויסער אידישע. נ א ט ו ר־פ א ל ש איז דער שטאנדפונקט פון יענע פריינד אונזערע, וואָס דענקען, אז יעצט מוזן מיר נאָר פירן אן אויסשליסלאכע אקציע פאר דער ו ו א ל ג א געגענט. די וואסערן פון דעם ד נ י ע ס ט ע ר, ד נ י ע פ ע ר און ב ע ר ע ז י נ א זיינען געווים נישט ווייניקער בלוטיק ווי די וואסערן פון דער וו א ל ג א, ק א מ א און נ י ע ו ו א און די וואסערן פון די לעצטע האָבן געווים אין זיך נישט ווייניקער טרערן, ווי די וואסערן פון די ערשטע. דער א מ ת א י ז, אז ה י ל ף פ א ר ר ו ס ל א נ ד מ י י נ ט א ו י ך ה י ל ף פ א ר ד י א י ד ן א י ן ר ו ס ל א נ ד א ו ן ה י ל ף פ א ר ד י א י ד ן א י ן ר ו ס ל א נ ד מ י י נ ט א ו י ך ה י ל ף פ א ר ד ע ר א ל ג ע מ י י נ ע ר ר ו ס ל א נ ד, פ א ר ד ע ם ג א נ צ ן פ א ל ק פ ו ן ר ו ס ל א נ ד א ו ן פ א ר ד י ס א ו ו ע ט ן א י ן ר ו ס ל א נ ד.

זאָלן מיר אלע ווי איינער, אין דער איצטיקער קריטישער שעה, שטיין צוזאמען אָט אין דער גרויסער, הייליקער ארבעט פון ראטעווען א לאנד און פעלקער, וואָס קורטשען זיך אין די קאָנוואולסיעס פון א שרעקלאכן הונגער און גרויסן אומגליק! זאָלן מיר אלע ווי איינער מיט טרייהייט און איבערגעבנקייט נאָכקומען דעם רוף פון אונזער גענעראל־עקזעקוטיווע: „אלגעמיינע הילף פאר רוסלאנד און פאר אונזערע אידן!“

**מיספאַרשטענדניסן און קוריאָזן**

זאָל שוין אויך דאָ, ביי דער געלעגנהייט אָנגעצייגט ווערן, אַז לעצטנס האָבן זיך פאַרשפּרייט פיל פאַלשע און שעדלאַכע באַגריפן וועגן אונזער עקזועק. קאָמיטע, אין איר קאָמפּעטענץ און אַרבעט. אָנהייבנדיק פון דער מיספאַרשטענדניס וועגן דער לעגאַליזאַציע אין מאַסאַטשוזעטס און די טעכנישע ענדערונגען וואָס ס'זיינען צוליב דעם געמאַכט געוואָרן אין דעם טעקסט פון אונזער קאָנסטיטוציע, און ענדיגנדיק מיט דעם צוריקגעצויגענעם פאָרשלאַג אויף דער ניו־יאָרקער אַ. ר. רוסישער הילפס־קאָנפערענץ וועגן אַ ספּעציעלער 25־ער קאָמיטע, וואָס זאָל „קאָנטראָלירן“ אונזער גענ. עקזעקוטיווע.

דער גאַנצער טומל וועגן די אָפּגעשאַפטע רעכט פון רעפערענדום ביי אונז אין אָרדן איז אָסור אַ באַגרינדעטער. דער בעסטער באַווייז איז דער רעפערענדום, וואָס איז ערשט יעצט אַדורכגעגאַנגען און וועלכער האָט דורכגעוואָרפן די גרעסטע צאָל באַשלוסן פון דער קאָנווענשן. די קאָנווענשן האָט דאָך לויט אונזער יעצטיגער קאָנסטיטוציע דאָס רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון אירע רעכט (פּונקט ווי יעדע סואווערענע מאַכט) און איבערגעבן אירע רעכט צום פאָלק (צום רעפערענדום). עס פאַרשטייט זיך, אַז די מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטן פון אונזערע קאָנווענשנס שפּיגלען אָפּ מיט זיך די הערשנדע מיינונג פון אונזער אָרדן און זיי וועלן קיינמאָל נישט באַשטיין אויף זייערע רעכט, לויט דעם בוכשטאַב פון דער קאָנסטיטוציע, נאָר וועלן, גוטוויליקערהייט, אונטערוואַרפן זיך אונטער דעם רעפערענדום. און איבערהויפּט, ווער עס לעזט נאָר אויפמערקזאַם די אַרטיקלען 24 און 26 פון אונזער יעצטיקער אַמענדירטער קאָנסטיטוציע, איבערצייגט זיך גלייך, אַז אין די וויכטיקסטע זאַכן, ווי אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע און געלט־ענינים, האָט דער רעפערענדום דאָס לעצטע וואָרט צו זאָגן, ווען אפילו צוויי־דריטל פון די דעלעגאַטן פון דער קאָנווענשן האָבן באַשטימט אַנדערש.

דער קוריאָז, וואָס איז אַרויסגעקומען אויף דער ניו־יאָרקער הילפס־קאָנפערענץ דורך דעם פאָרשלאַג פון אַ 25־ער „קאָנטראָל“־קאָמיטע, וואָס זאָל קאָנטראָלירן די עקזעקוטיווע אין דער רוסישער רעליף־אַרבעט, נעמט זיך אויך פון דעמזעלבן ציקל מיספאַרשטענדניסן און פון פּשוט'ער אומוויסנקייט אין די ענינים פון אונזער אָרדן. די גענ. עקזעקוטיווע פון אונזער אָרדן איז כמעט שטענדיק געשטאַנען העכער איבער אַלע פּאַרטייאַנישע מחלוקות און האָט געוויסנהאַפט דורכגעפירט די באַשטימונגען פון די מיטגלידער און בראַנטשעס, סיי ווען זיי זיינען געקומען דירעקט דורך אַ רעפערענדום, אָדער דורך קאָנווענשנס און אָרטיקע קאָנפערענצן.

בכלל איז דער פאַרלאַנג פון אַ טייל באַטייליקטע אין דער קאָנפערענץ צו באַשטימען אַ קאָמיטע וואָס זאָל שטיין העכער איבער דער גענעראַל־עקזעקוטיווע, וואָס איז געוואָרן דערוויילט דורך אַ רעפערענדום — מער ווי אַ קוריאָז. די פריינט האָבן בשעת מעשה פאַרגעסן זיך, אַז זיי געפינען זיך אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס מוז דורכאויס און איבעראַל אין אָרדן גופא אויסמיידן וועלכע עס איז דיקטאַטאָרישע פּראַקטיק. די גענ. עקזעקוטיווע ווערט דערוויילט פון די מיטגלידער איבער'ן גאַנצן לאַנד; זי האַלט, און האָט פאַרדינט, זייער צוטרוי, און קיין אַנדער אינסטאַנץ, אויסער די נאַציאָנאַלע דירעקטאָרן, קאָנווענשנס און רעפערענדום, קען נישט שטיין העכער איבער איר, סיי אין קאָנטראָל, סיי אין באַשטימונגען אין די ענינים, וואָס געהערן צום אַרבעטער־רינג.

* * *

**די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט אין מאַסס.**

מיט דער לעגאַליזאַציע אין מאַסאַטשוזעטס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונזער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אַן אינטענסיווע טעטיקייט אין אַלע שטעט און שטעטלאַך פון דער געדיכט־אידיש־באַפעלקערטער סטייט. איבער 30 נייע בראַנטשעס זיינען שוין אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלאַכע וואָכן אינסטאַלירט געוואָרן. די נייע בראַנטשעס טרעטן צו צו דער אַרבעט מיט פרישע רעזערוואַרן פון ענערגיע און עס איז צו דערוואַרטן, אַז דער פרישער שטראָם פון טעטיקייט וועט זיך צעגיסן ווייטער איבער די ברעגן פון מאַסאַטשוזעטס סטייט און וועט גרייכן אונזערע איבעריקע צענטערס.

עס ווילט זיך נאָר זאָגן עטלאַכע ווערטער צו אונזערע נייע רעקרוטן אין דער עראָבערטער טעריטאָריע.

איר קומט, פריינט, שוין צו אַלעם גרייטן. איר זייט געוואָרן מיטגלידער אין דער גרעסטער אידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט. איר זייט געוואָרן שותפים צו אַ ריזן־קאַפּיטאַל פון איבער 1½ מיליאָן דאָלער. איר זייט געוואָרן אייגנטימער פון אַ רייע וואונדערבאַרע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרן נאָך יאָרן פון שווערער מי און אַרבעט. די אַרבעט דערפאַר, אַז איר זאָלט קענען ווערן מיטגלידער אין אונזער אָרדן, איז געפירט געוואָרן האַרטנעקיק און שווער אין דעם פאַרלויף פון נאָענט צו 14 יאָר. זעט זשע, אַז דער גייסט פון אייניקייט, טריהייט צו די אידעאַלן פון אַרבעטער־קלאַס און צום סאָציאַליזם, וואָס הערשט אין אַרבעטער־רינג, זאָל אויך רוען אויף די דעכער פון די נייע געצעלטן וואָס איר האָט אויפגעבויט.

זאָלן מיר צוזאַמען פאַרזעצן אונזער אַרבעט, צו לינדערן די שמערצן פון אונזערע אינוואַלידן, צו טראָגן טרייסט צו אונזערע האָפנונגסלאָזע, צו שפּרייטן ליכט און אויפקלערונג און צו דערציען זיך און אונזערע קינדער, אַז מיר זאָלן ווערט זיין צו זיין די פאָנען־טרעגער פון דער תורה פון דעם אַרבעטער־קלאַס, פון באַפרייאונג, פון סאָציאַליזם.

* * *

**אונזערע קינדער און אונזערע שולן**

עס הייבט זיך ווידער אָן דער שול־סעזאָן. אונזערע קינדער וועלן ווידער אָנהייבן צו באַזוכן די „פּאָבליק־סקולס“ און וועלן אונטערפאַלן אונטער דעם איינפלוס און השפעה פון די דערציער, וואָס האָבן מער צום הארצן די צוגעבונדנקייט צו דער איצטיקער אָרדענונג, ווי די אמת'ע פאַרבאַרייטונג פון די קינדער אויף זייער לעבנס־וועג, וואָס שטייט זיי פאָר.

פאַרגעסט דערביי נישט, אַז מיר האָבן מיט גרויס מי און מאַטערניש אויסגעבויט איבער'ן לאַנד אַרום 50 שולן פאַר אונזערע קינדער, וואו זיי זאָלן ווערן דערצויגן אין אונזער גייסט, וואו זיי זאָלן קענען לערנען אונזער שפּראַך, אונזער געשיכטע, אונזער ליטעראַטור. פאַרגעסט נישט, אַז די תלמוד־תורה, אָדער חדר, פון וועלכן סאָרט ער זאָל נישט זיין, זיינען אָפּגעלעבטע אינסטיטוציעס, וואָס ציען זייער יניקה אויסשליסלאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן שוין מער נישט קיינע נאַטירלאַכע וואָרצלען אין לעבן. אָנשטאָט דעם, וואָס אַמאָל זיינען פון זיי אַרויסגעגאַנגען גרויסע מענשן, גאונים און לומדים, זיינען זיי היינט די פלעצער, פון וואַנען עס קומט אַרויס נישט נאָר רעאַקציע, שאָוויניזם און פינסטערניש, נאָר אויך עם־הארצות. זיי לערנען דאָרט נישט די אמת'ע שפּראַך פון פאָלק. זיי באַווייזן העכסטנס אויסצולערנען דאָרט פּלאַפּלען עטלאַכע פאַרגרייזטע העבּרעאישע ווערטער, וואָס ווערן גלייך פאַרגעסן. עס וואָרצלט זיך אָבער איין טיף אין דעם קינד זייער שעדלאַכע ווירקונג, זייער אָפּגעלעבטער קוק אויפ'ן לעבן, און זיי עלטערן וואונדערן זיך דערנאָך, ווי קומט עס וואָס זייערע קינדער זיינען אַזוי אָפּגעשטאַנען, אַזוי קאָנסערוואַטיוו און אָפטמאָל אפילו רעאַקציאָנער.

אונזערע שולן, די אַ. ר. שולן, האָבן באַוויזן פאַר זייער קורצער צייט פון עקזיסטענץ, אַז מיר קענען טאָן פיל, זייער פיל פאַר דעם, אַז אונזערע קינדער זאָלן פון אונז נישט פאַרפרעמדט ווערן, אַז זיי זאָלן דערצויגן ווערן און פאַרגעברייט ווערן ווי באַוואוסטזיניקע שטאָלצע מענשן און אידן, ווי ציל־קלאָרע קעמפער פאַר דער צוקונפט פון דעם אַרבעטער־קלאַס און זיינע שיינע אידעאַלן.

אין אונזערע שולן ווערט אויך אַנטוויקלט דער געשמאַק פאַר שיינקייט, פאַר פּלאַסטישע קונסט. אין פיל פון אונזערע שולן ווערט געלערנט מאַלעריי, צייכענונג, סקולפּטור, קלאַסישע טענץ, געזאַנג און מוזיק.

שיקט צו אונז אייערע קינדער, אינגלאַך און מיידלאַך, גרעסערע און קלענערע, און אין אַ גאַנץ קורצער צייט וועט איר איינפאַך איבערראַשט ווערן פון דעם ערפאָלג, וואָס זיי וועלן דאָרט מאַכן. איר וועט זיך אַליין דערנאָך נישט קענען אַנטשולדיקן פאַרוואָס איר האָט ביז יעצט נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט אָט די נייע און שיינע אינסטיטוציע אין אַרבעטער־רינג.

# הונדערט נומערן „צוקונפט“ אונטער ליעסינס רעדאַקציע

פון מ. איווענסקי

אַלס דעם גרעסטן אויפטו פון דער „צוקונפט“ אונטער ליעסינס רעדאַקציע, צייגט אָן ש. ניגער, אַז די „צוקונפט“ האָט צוריקגעקערט געג. ליעסין צו דער אידישער ליטעראַטור. זייענדיק אַליין דער רעדאַקטער פון אָט דער צייטשריפט, האָט ליעסין די מעגלאַכקייט אומגעשטערטערהייט זיך צו באַנוצן מיט זיין גרויסן פובליציסטישן טאַלאַנט און צו פאַרעפנטלאַכן זיינע מייסטערהאַפטע דיכטונגען, וואָס זיינען פון די גרעסטע געווינסן פאַר דער אידישער ליטעראַטור. דער ווערטער קריטיקער ניגער שטעלט זיך אָפּ בלויז אויף איין פונקט, אפשר דעם וויכטיקסטן, פון דער „צוקונפט“ אונטער ליעסינס רעדאַקציע. דער אמת איז, אַז די „צוקונפט“, אויך אַלס זשורנאַל, איז פיל באַרייכערט געוואָרן זינט ליעסין איז געוואָרן איר רעדאַקטער. די „צוקונפט“ איז געוואָרן אַ פיל לעבעדיקערע, מער פאַרשידנאַרטיקע צייטשריפט אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע יאָרן. עס מוז אָבער צוגעגעבן ווערן, אַז ש. ניגער האָט אין אַ געוויסער הינזיכט רעכט. באַטראַכטנדיק די איצטיקע „צוקונפט“, וואַרפן זיך פריער פון אַלץ אין די אויגן ליעסינס לייסטונגען. ליעסין לייגט אַרויף זיין אייגנאַרטיקן שטעמפּל אויף דער איצטיקער „צוקונפט. ליעסינס שאַפונגען גיבן איצט צו דער „צוקונפט“ אַ באַזונדערן חן.

מיט זיין אייגנאַרטיקן סטיל און זיין גרויסן אָריגינעלן טאַלאַנט אַלס דיכטער פאַרנעמט ליעסין אַ באַזונדער אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור. זיינע עפּישע פּאָעמען פון דער אידישער פאַרגאַנגענהייט האָבן ניט זייער גלייכן ניט אין דער אידישער און ניט אין דער העברעאישער ליטעראַטור. אין זיינע פובליציסטישע אַרטיקלען איז ער דער מייסטער פון דער אידישער שפּראַך. ליידער איז אָבער ליעסין ווייניק אָפּגעשאַצט געוואָרן. ליעסין קריגט אין דער לעצטער צייט שיינע קאָמפּלימענטן. דער זיידע ווינטשעווסקי רופט אים דער סאָציאַליסטישער עלוי; אַ אידישער קאָנסערוואַטיווער שרייבער, יאַצקאַן, דריקט זיך אויס, אַז ליעסין איז דער גרעסטער אידישער פובליציסט פון דער איצטיקער צייט. אָבער אָט די קאָמפּלימענטן דערקלערן נאָך ניט אין וואָס עס באַשטייט ליעסינס גרויסקייט. עס איז ווירקלאַך אַ פאַרדרוס, אַז אַזאַ גרויסער טאַלאַנט, סיי אין פּראָזע און סיי אין פּאָעזיע, האָט נאָך ניט געפונען זיין ריכטיקן אָפּשאַצער, וועלכער זאָל אים אַנאַליזירן, פאַנאַנדערגלידערן און דערקלערן. איך וויל דורכאויס זיך ניט פאַרמעסטן אויספילן דעם ליידיקן פּלאַץ. איך וויל אָבער אָנצייגן אויף איינינע שטריכן פון ליעסינס שאַפן, וועלכע טרעטן בולט אַרויס פאַר דעם וואָס לייענט אויפמערקזאַם וואָס ער שרייבט. די פולע אָפּשאַצונג פון ליעסינס טאַלאַנט לאָז איך פאַר קאָמפּעטענטע ליטעראַטור־קריטיקער.

ליעסין איז פריער פון אַלץ אַ סאָציאַליסט. אַ מענש, וואָס פילט מיט אַלע פיבערן פון זיין טיפער נשמה די צעפוילטקייט פון דער איצטיקער כאַפּ־לאַפּ קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און גלויבט באמונה שלמה אין אַן גליקלאַכער, שיינער צוקונפט פון דער מענשלאַכער ראַסע. ער איז אַ מאַרקסיסט, פאַר וועמען דער סאָציאַליזם איז ניט בלויז אַ פרומער וואונש, נאָר אַ נייטיקער רעזולטאַט פון עקאָנאָמישע צושטאַנדן, וועלכער מוז קומען דורך אַ שווערן, ביטערן קלאַסנקאַמף. אָבער ער איז אָריגינעל. זיין סאָציאַליזם איז ניט אַן איינגע'חזר'טע תורה, נאָר אַ דורכגעלעבטע, דורכגעליטענע וועלט־אַנשויאונג. ליעסין איז אַ דיכטער פון גאָטס גנאָדן און זיין סאָציאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג קריגט די יניקה פון זיין רייכער דיכטערישער נאַטור. עס איז אָבער דאָ איין מקור, פון וועלכן ליעסין שעפּט אי זיין באַגייסטערונג פאַר'ן סאָציאַליזם, דעם אידעאַל פון אַלע אומגליקליכע און אונטערדריקטע, אי זיינע וואונדערבאַרע דיכטונגען. דאָס איז די וואונדערלאַכע מאַרטירער־געשיכטע פון אידישן פאָלק. ליעסין איז אַ גרויסער איד. מאָזעס העסס איז געקומען דורכ'ן סאָציאַליזם צום אידנטום; ביי ליעסין איז דער סאָציאַליזם פאַרשטאַרקט געוואָרן צוליב זיין ליבע צום אידנטום.

ליעסין איז ניט קיין כל ישראל פּאָליטיקער. אין זיינע אַרטיקלען שאַנעוועט ער ניט די „שיינע מענשן“, וועלכע שטעלן זיך אַרויס אַלס די רעטער פון כלל ישראל און פאַר'מיאוס'ן מיט זייערע מעשים דעם אידישן נאָמען. זיין גאַנצע ליטעראַרישע קאַריערע איז אַ מוטיקער קאַמף געגן אַלערליי פּיאַווקעס פון דער אידישער גאַס, וואָס דעקן צו מיט זייער אידישקייט זייער שמוציקע טעמעני פּאָליטיק אָדער זייער אוממענשלאַכקייט אין די „סוועט“־שעפּער. אָבער צוליב דעם ערב־רב פאַרזעט ניט דער איד ליעסין די בלוטנדע "כנסת ישראל", דאָס „שעפּעלע צווישן די וועלף“, וועמעס גאַנצע געשיכטע פון „אַ לאַנגער קייט פון דורות“ איז אַ קאַמף פאַר'ן אמת, צי דער אמת איז ריכטיק באַגריפן געוואָרן, צי ניט.

„פּראָמאַטעאוס“, דריקט זיך אויס ליעסין אין זיין עדיטאָריעל וועגן מאַרקס יובילייאום, „איז דער גרעסטער הייליקער אויפ'ן פילאָזאָפישן קאַלענדאַר. פּראָמאַטעאוס איז פאַרהייליקט ביי מאַרקסן. איז ניט די גאַנצע אידישע מאַרטירער־געשיכטע פול מיט אַזעטיקע טיטאַנען?...“

מען דאַרף ניט זיין קיין שאָוועניסט צו קוקן אויף דער אידישער געשיכטע ווי אַ פאַרקערפּערונג פון יענער וואונדערלאַכער גריכישער לעגענדע, וואָס דערציילט אַז פּראָמאַטעאוס איז שווער באַשטראָפט געוואָרן דערפאַר, וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט פייער (ליכט) אויף דער וועלט . . . היינע זאָגט, אַז ווען עס וואָלטן אויף דער גועלט געבליבן נאָר איינצעלנע אידן, וואָלט יעדער איינער געגאַנגען אויף וואונדער אָנצוקוקן אַזעלכע עקזעמפּלאַרן פון אַ ראַסע, וואָס האָט זיך אַזוי געבלוטיקט פאַר אַן אַבסטראַקטן אידעאַל — קדוש השם. איבערהויפּט קענען אידן ניט ווערן געפערלאַך פאַר אַנדערע פעלקער. מיט קיין טראָבערונגס־פּלענער טראָגן מיר זיך ניט אַרום. אונטערדריקן אַנדערע קענען מיר ניט. מיר זיינען „די אומגליקלאַכסטע צווישן אומגליקלאַכע“. דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַריאַט, זייענדיק איצט פאַרשקלאַפּט און אומגליקלאַך, בויט די צוקונפטיקע געזעלשאַפט, וועלכע וועט באַפרייען אַלע מענשן. מיר אידן, זייענדיק ניט ווייניקער אומגליקלאַך, וועלן אים העלפן . . . קיינעם וועט ניט איינפאַלן צו רופן דעם שאָוועניסט, ווער עס זעט קלאָר די ליידן פון פּראָלעטאַריאַט . . .

ליעסין איז ניט קיין טעאָלאָג. אַלס סאָציאַליסט לאַכט ער זיך געוויס אויס פון די גראָבבייכיקע רעפאָרם־ראַבינער, וועלכע שמייכלען צו זייערע ברויטגעבער, די אידישע פּלוטאָקראַטן, און פּלערן אויס אַ ספּעציעלע מיסיע פאַר'ן אידישן פאָלק. ער פאַראַכט די אידישע פּלוטאָקראַטיע. ער קען אָבער גוט די אידישע מאַסן. ער ליבט די אידישע מאַסן, וועלכע שטייען אויס אַזעלכע שרעקלאַכע צרות שוין פאַר טויזענטער יאָרן. ער פאַרצווייפלט אָבער ניט. ער ווייזט אָן אויף דעם וועג, וועלכער פירט צום מענשלאַכן גליק, דעם סאָציאַליזם. פריער אָדער שפּעטער, די מענשהייט וועט קומען צום שכל און וועט פאַרוואַנדלען דעם דאָזיקן יאָמערטאָל אין אַ פּלאַץ, וואָס זאָל ווערט זיין צו לעבן. ליעסין איז איבערצייגט, אַז די אידן וועלן שפּילן אין אָט דעם באַפרייאונגס־קאַמף אַ זייער באַדייטנדע ראָלע . . .

אין דער לעצטער צייט זיינע פילע טעאָריען אויפגעבויט געוואָרן וועגן אידישן פאָלק. אונזערע ציוניסטן, אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז יעדעס פאָלק מוז האָבן אַן אייגן לאַנד, ווילן די אידן טרייבן אין ציון. פאַר אונזערע אַסימילאַטאָרן איז עפּעס דאָס אידישע פאָלק אַן אַנאַכראָניזם און זיי ווילן אין גאַנצן פּטור ווערן פון אָט דעם יוצא מן הכלל. אַנדערע ברעכן זיך דעם מוח צוצופּאַסן דאָס אידישע לעבן צו דער אָדער יענער טעאָריע. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז אַלע טעאָריען ווערן צערונען, ווען זיי ווערן צוגעפּאַסט צום אידישן פאָלק. אפילו מאַרקס, רעדענדיק וועגן אידן, פאַר'עכט זיין צלץ־אומפּאַסנדע טעאָריע און רעדט פון אידנטום אין אַבסטראַקטן זין. שוין, דער אַלטער גוי'אישער נביא, וועלכער איז געווען גרעסער אפילו פון משה רבנו, לויט'ן תלמוד, האָט זיך אויסגעדריקט

ווענן אידן: „עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב" (עס איז אן איינזאם פאלק, וועלכעס קאן דאך אלס פאלק ניט פאררעכנט ווערן). פאר דעם גענאלן דיכטער היינע אין דאס אידנטום געווען איינע פון די גרעסטע פראבלעמען. פילע פון זיינע דיכטונגען און אנשויאונגען זיינען דירעקט אינספירירט געווארן פון דעם משונה'דיקן גאנג פון דער אידישער געשיכטע. פילע אנדערע גרויסע מוחות האבן זיך באשעפטיקט מיט די זאנדערבארקייטן פון אידישן מהות. ווען די גרויסע מענשן פון די אומות העולם אורטיילן וועגן אידן, פארלירן זיי דאס גלייכגעוויכט. פאר זיי זיינען אידן אדער מלאכים, אדער טייוואלים. יעדנפאלס איז די אידישע פראבלעמע גארניט אזוי איינפאך ווי מאנכע דענקן. עס מוז דעריבער ערנסט באטראכט ווערן יעדע אויפפאסונג פון אידנטום. ליעסין האט געפונען די באגרינדונג פון אידישן סאציאליזם ניט נאר אין אויסערלאכע באדינגונגען. ער דענקט, אז דער איד מוז קעמפן פאר'ן סאציאליזם ניט נאר אלס פראלעטאריער, נאר אלס איד... ער איז אין אט דער באציאונג דורכאוים אריגינעל. ער האט אויפגענומען די אידישע פראגע מיט א ברייטן בליק פון א סאציאליסטישן דענקער.

ליעסין איז געווען פון די ערשטע בונדיסטן. עס איז ניט וויכטיג ווי דער דאזיקער פאקט, אז דער בונד, זייענדיק דורכאוים א סאציאליסטישע ארגאניזאציע, איז דאך ניט אריין אין דער אלגעמיינער רוסישער פארטיי, איז באגרינדעט געווארן פון דעם אדער פון יענעם בונדיסטישן טעארעטיקער. דער פאקט איז וויכטיק, אז די אידישע ארבעטער האבן געהאט זייער אייגענע ארגאניזאציע, ווייל זייערע אויפגאבן זיינען געווען אייגנארטיק. ווען די סאציאליסטישע באוועגונג האט זיך אנגעפאנגן פארשפרייטן צווישן די אידישע מאסן, האט ליעסין געקעמפט געגן די ענגע פארמולעס פון די ערשטע אידישע סאציאליסטן. פאר אים איז דאס געווען ניט אן ארגאניזאציע פון אידישע פאבריק-ארבעטער (וועלכע זיינען דעמאלס אגב בנמצא ניט געווען), נאר א אידישע סאציאליסטישע ארגאניזאציע, וועלכע דארף ארומנעמען אלע ארימע שיכטן פון אידישן פאלק, וואס מיינט דעם גרעסטן טייל פון אידן.

דער ברייטער קוק אויפ'ן לעבן, אינספירירט פון סאציאליזם, וועלכער איז ביי ליעסין כמעט ווי א רעליגיע, דרינגט דורך אלץ, וואס ליעסין האט געשריבן אין דער צייט וואס ער איז רעדאקטער פון „צוקונפט". עס איז אויסגעקומען צו רעדאקטירן די „צוקונפט" אין א צייט פון „הרת עולם", אן עפאכע, וואס האט ניט איר גלייכן אין דער וועלט-געשיכטע און ניט נאר פאר דער מענשהייט אין אלגעמיין איז די עפאכע געווען פון וועלטן-איבערקערענישן — דאס אידישע פאלק איז פאר דער צייט צעטרייסלט געווארן. אין איינעם פון זיינע עדיטאריעלס ברענגט ליעסין דעם ציטאט פון תלמוד: „כשפורגית באה לעולם אינה באה אלא לישראל, וכשמחה באה לעולם אינה באה אלא לישראל" (וועלט-צרות און וועלט-פריידן דערפילן די ערשטע די אידן). די באלייכטונג פון די אלע ברענענדע פראגן סיי אין אידישן לעבן סיי אין אלגעמיינעם, זיינען געווידמעט די הונדערטע נומערן „צוקונפט". ליעסין אליין און א סטעף שרייבער, וועלכע ער האט אויסגעקליבן, גיבן זיך אפ, ערנסט צו באטראכטן אלע ברענענדע פראגען פון יעדן שטאנדפונקט. די „צוקונפט" איז גראד אין די דאזיקע יארן געווארן די ריכטיקע אנווייזנדע צייטשריפט פאר די אידישע אינטעליגענטע ארבעטער, אפגעזען פון אנדערע „פיטשורס", וועלכע עס זיינען אין „צוקונפט" איינגעפירט געווארן.

מיט ליעסינס אלע אנזיכטן קאן מען זיין אויך ניט איינפארשטאנען. איין זאך מוזן אלע צוגעבן: פון סאציאליסטישן שטאנדפונקט איז ליעסין קיינמאל ניט אפגעטראטן. זיינע עדיטאריעלס, וועלכע זיינען מייסטערווערק, וועקן, מונטערן און טרייסטן. ווען די מלחמה האט זיך אנגעפאנגען און א סך מענשן זיינען צעטומלט געווארן, עס זיינען געווען צייטן, ווען אפילו איבערגעגעבענע סאציאליסטן האבן געדענקט, אז די גרויסע אידעאלן פון מענשהייט וועלן פארשווינדן אין בלוט, אין רויך. דער פארראט פון די דייטשע און אנדערע סאציאליסטן האט א סך מענשן אפהענגיק געמאכט. ליעסין איז אבער ניט צעטומלט געווארן. ביים אנפאנג פון מלחמה שרייבט ליעסין: „דער גרויסער פאקל פון אלוועלטלאכער ארבעטער-סאלידאריטעט איז נאך ניט פארלאשן געווארן. ער האט אנגעפאנגען צו רויכערן, צו טשאדען . . . דער פונק אבער ברענט נאך אלץ אין דער אלגעמיינער פארפינסטערונג . . . ער וועט פלאקערן אלץ ריינער און וועט ווערן די ליכט פון דער וועלט . . . ווער ווייס, אפשר וועט פון דער דאזיקער גוג ומגוג מלחמה די אמת'ע גאולה פון דער מענשהייט קומען . . ." אין אט די פארויסזאגונגען איז פאראן פון רוח הנבואה.

אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען טויזנטער ברענענדע פראגן ארויפגעשוואומען. מדינות זיינען הרוב געווארן, וועלטן זיינען צעטרייסלט געווארן, נייע האפנונגען זיינען אויפגעבליט געווארן, און אויך טיילמאל האט א יאוש פאר'סמ'ט אלע מענשן-הערצער. דאס אידישע פאלק האט זיך אין דער גאנצער צייט געווארפן פון שרעקלאכן יאוש צו האפנונג. מיט דער קאטאסטראפע האבן זיך פיל רעמאגאגן באנוצט פאר זייערע קליינלאכע, פערזענלאכע צוועקן. עס זיינען אויך געווען ברענענדע לאקאלע פראגן פון ארבעטער-קאמפן. די „צוקונפט" איז אלעמאל געשטאנען אויף איר הויך. די „צוקונפט" האט קיינמאל פאר דער דאזיקער שטורמדיקער צייט ניט פארראטן די פרינציפן פון אינטערנאציאנאלן סאציאליזם און אויך פון די טעגלאכע אינטערעסן פונ'ם ארבעטער-קלאס.

ליעסין איז אזוי א דיכטער אזוי א פובליציסט. אויך אין זיינע פובליציסטישע ארטיקלען הערט ער ניט אויף צו זיין א דיכטער. ער איז אבער קיינמאל ניט אויף די הימלען. די „צוקונפט" האט זיך באשעפטיקט גראד נאר מיט פראגן פון דער זינדיקער ערד. אין די הונדערט נומערן „צוקונפט" ווערן אלע פארפלוכטע פראגן פון טאג באלויכטן פון רעדאקטער און פון אנדערע שרייבער, א סך מאל אויף א זייער פראזאאישן אופן. עס איז אבער דא איין אידעאל, וועלכער דרינגט דורך אלע נומערן פון „צוקונפט" — דער אידעאל פון א מענשלאכן, ניט נאר אידישן, סאציאליזם, וועלכער באהערשט ליעסינען אין גאנצן, און וועלכן ער באזינגט אזוי שיין.

אין מערב און מזרח. עס שאלט און ער רופט אונז
אלעמען איין אידעאל.
אלוועלטלאך ווי פרילינג איז דער אידעאל.
אלמענשלאך דערשאלט אונז זיין כאר,
זיין זון איז די ליבע; דער שלום — זיין שטראל,
דער חלום פון נביא זיין וואר.

(פון ליעסינס אן עדיטאריעל)

# אין א פרייליכער שעה

פון א. עסעלין

עס קומט אמאל אן אזא פרייליכע שעה,
אז דיין הארץ ווערט דיר ברייט און אומענדלאך גרויס,
עס נעמט דיך ארום אזא גוואלדיקע פרייד,
אז דו שפרינגסט פון דיין הויז ווי א ווילדער ארויס.

און קומט דיר אנטקעגן א שטילע לויה,
מען וויינט, און דו ווייסט אז דער טויט גייט דא מ'ט,
טראכסטו: צי האט מען אין שלאף אט דעם מענשן
אין קאסטן פארנארט, און ער ווייכט דערפון ניט?

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאן מעגן גלחים אין טרויער-פראצעסיעס
אנטקעגן דיר קומען, דעם וועג צו פארשטעלן,
ציסטו צוזאמען צום פייף דיינע ליפן,
צום פייף און צום טאקט, ווי צום טאנצן זיך שטעלן,

נאר האסטו די אויגן צום הימל געהויבן,
דערשפירט שוין דעם חילוק פון דארט און פון דא,
טא זיי זשע באטש דאנקבאר צו דעם וואס לעבט אייביק,
פאר אט דער איינציקער, ליכטיקער שעה . . .

# די אידישע שול־באַוועגונג אין פּוילען

פון וו. מעדעם

.3

ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען אין די פריערדיקע ארטיקלען, איז אונזער שול־באַוועגונג ניט קיין איינהייטלאַכע, און לויט איר אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי איז זי נאָך מער צעטיילט ווי אין אידעאישן זין. אין וואַרשע, למשל, זיינען ביז דער לעצטער צייט געווען פינף באַזונדערע, זעלבשטענדיקע „שול־קוראַטאָריעם". יעדע פון די דריי פּראָלעטאַרישע ריכטונגען האָט זעלבשטענדיק פאַרוואַלטעט מיט אירע שולן. די בונדישע שולן זיינען פריער געווען אין רשות פון אַ קאָמבינירטער קאָנפערענץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אַנדערע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס; אין פאַרגאַנגענעם יאָר זיינען זיי איבערגענומען געוואָרן פון אַ ספּעציעלער שול־געזעלשאַפט, וועלכע טראָגט דעם נאָמען: „אונזערע קינדער". די פּועלי־ציוניסטישע שולן זיינען געווען פאַרוואַלטעט דורך זייער „ארבעטער־היים", און די „פאַריייניקטע" (ס'איז דאָ נאָך פאַראַן אין פּוילען אַזאַ קליינטשקע פאַרטיי, צונויפגעשטעלט פון די רעשטלאַך פון אַמאָליקע „ס. ס.") האָבן אויך געהאַט זייער באַזונדערע שול־פאַרוואַלטונג. חוץ די דאָזיקע דריי קוראַטאָריומס, זיינען נאָך געווען צוויי אומפּאַרטייאישע שול־פאַרוואַלטונגען; איינע פון זיי טראָגט דעם נאָמען: „פאַריייניקטע שולן און קינדער־היימען אויפ'ן נאָמען פון י. ל. פּרץ און י. דינעזאָן", דאָס זיינען די דריי אייגנטלאַכע „דינעזאָן־שולן". אַ צווייטע איז געווען דער אידישער „שול־ און פאָלקסבילדונגס־פאַריין". די דאָזיקע אינסטיטוציע איז געווען אַ טויט־געבאָרענע; אין די לעצטע יאָרן האָט דער פאַריין פאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן, און די שולן זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך דעם לערער־פּערזאָנאַל; מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט מען זיי איבערגעגעבן צו דער געזעלשאַפט „אונזערע קינדער".

דאָס זעלבע איז אויך אין דער פּוילישער פּראָווינץ. דאָס רוב שולן געהערן דאָרט צו דער אָדער יענער פּראָלעטאַרישער ריכטונג, און בלויז אַ קליינע צאָל געהערט צו די אומפּאַרטייאישע אָדער בירגערלאַך־דעמאָקראַטישע עלעמענטן.

אין וואָלין און אין ליטע זיינען די שולן דאָס רוב גענרינדעט געוואָרן דורך אומפּאַרטייאישע געזעלשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס, הגם די הויפּט־טוער זיינען געווען און געבליבן סאָציאַליסטען.

אין די ערשטע יאָרן פון דער שול־ארבעט איז די ארבעט, ווייניקסטנס אין „קרוין־פּוילן" געווען אין גאַנצן צעברעקלט. אין די איינצעלנע שטעט האָבן די פאַרשידענע פאַרוואַלטונגען געאַרבעט אָן קיין שום צוזאַמענבונד צווישן זיך; און צווישן איין שטאָט און דער צווייטער איז ניט געווען קיין פאַרבינדונג אפילו ביי די שולן פון דערזעלבער פאַרטיי.

דעם ערשטן שטויס צו אַ פאַרייניגונג האָט געגעבן אַמעריקע. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז עס געווען אין אָנהייב פונ'ם יאָר 1917. אין אַ שיינעם פרימאָרגן באַקומט זיך אַ טעלעגראַם פון דער פיפּלס רעליף, אַז זי שיקט ארויס אַ באַדייטענדע סומע געלט (ראַכט זיך, פינף טויזנט דאָלער) פאַר די שולן און אַז זי באַפולמעכטיקט דריי פּערזאָן: דינעזאָן, מעדעם און רייכמאַן, צו פאַרוואַלטן מיט דעם דאָזיקן געלט. דאָס געלט איז טאַקע אָנגעקומען, און די דריי מענשן האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט.

אונזער לאַגע איז געווען אַ גאַנץ שווערע. מיר האָבן זיך געפילט ווי אַ מין באַאַמטע, וואָס מען האָט באַשטימט „פון אויבן", נישט פרעגנדיק ביי די אָרטיקע טוער און אָרגאַניזאַציעס. אין וואַרשע גופא איז נאָך נישט געווען קיין באָדן פאַר אַ ברייטער און פעסטער, געמיינזאַמער ארבעט. האָבן מיר אונזערע אויפגאַבן אַוועקגעשטעלט אויפ'ן סאַמע באַשיידענעם אופן: מיר האָבן זיך באַגרענעצט מיט'ן פונאַנדערטיילן דאָס געלט צווישן די עקזיסטירנדע שולן. ווי צעטיילט מען אָבער אַזוי, אַז קיינער זאָל זיך נישט האָבן געפילט באַ'עולה'ט? האָבן מיר גענומען דעם גרינגסטן און פּשוט'סטן מאַסשטאַב: צעטיילן פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל קינדער, וואָס איז דאָ פאַראַן אין יעדער שול.

אָבער שוין פון די ערשטע טריט אָן האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז מיר דאַרפן יאָ אַביסל פאַרברייטערן אונזערע פונקציעס: מיר האָבן געדאַרפט אויסגעפינען, צי די צאָל קינדער, וועלכע ווערט געמאָלדן פון פאַרשידענע שולן, איז טאַקע אָן אמת'ע. האָט מען געדאַרפט דורכפירן אַ קאָנטראָל. צו דעם צוועק האָבן מיר צוגעצויגן נאָך אַ האַלבן טוץ מענשן, וועלכע האָבן פאַר אונז געמאַכט די דאָזיקע ארבעט. אויפ'ן סמך פון די באַקומענע ציפערן האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פאַרטיילונגס־שליסל און געטיילט געלט.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן ביז'ן סוף פונ'ם יאָר 1919. דינעזאָן איז געשטאָרבן, אויף זיין אָרט איז אין אונזער קאָמיטעט אריין הער פינקעלשטיין; דער קאָמיטעט פלעגט ווייטער פאַרטיילן מעכאַניש דאָס געלט, וואָס מען פלעגט דעמאָלט באַקומען — פון דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטע. מיט'ן געלט איז געווען גרויסע צרות. דער יקרות פלעגט וואַקסן פון טאָג צו טאָג, אָבער די סובסידיע פלעגט מען ניט פאַרגרעסערן. פון דער צווייטער זייט איז מען אין די שולן גופא געווען שטאַרק אומצופרידן מיט דעם מין, ווי אַזוי מיר צעטיילן דאָס געלט. דעמאָלט איז אונז איינגעפאַלן אַ פּלאַן צונויפצורופן אַ באַראַטונג פון די פאָרשטייער פון די אַלע שולן, זיך מיישב צו זיין וועגן אונזער ווייטערדיקער טעטיקייט. די באַראַטונג איז צונויפגערופן געוואָרן. נאָך דער ערשטער זיצונג איז געקומען אַ צווייטע, נאָך דער צווייטער—אַ דריטע, און סוף כל סוף האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטענדיקן „ביוראָ", און פון דעם ביוראָ אין אַ רעגעלן „דינעזאָן־קאָמיטעט", צו וועלכן מיר האָבן איבערגעגעבן אונזערע פונקציעס.

די אויפגאַבן פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט זיינען געוואַקסן טריט ביי טריט, אָבער אָן אויפהער, אַלץ מער און מער פון טאָג צו טאָג. ער פאַרטיילט דאָס געלט, פירט אַ שטענדיקן קאָנטראָל, באַשטימט דעם לוין פאַר זיין פּערסאָנאַל, גיט השגחה איבער דער ווירטשאַפט פון די שולן, שאַפט געמיינזאַמע אַנשטאַלטן (אַזוי האָט ער געשאַפן אַ סאַניטאַריום פאַר קראַנקע קינדער) א אַ. וו.; די איינציקע זאַך, אין וועלכער ער מישט זיך נישט אריין, איז די ריין פּעדאַגאָגישע זייט. דאָ זיינען די איינצעלנע שולן גאַנץ אויטאָנאָם.

דאָס איז געווען אין וואַרשע. מען האָט אָבער געדאַרפט דורכפירן אויך אַ שטיקל פאַרבינדונג פון שטאָט צו שטאָט. צו דעם צוועק האָבן מיר חוץ דעם אויבן־דערמאָנטן וואַרשעווער קאָמיטעט געשאַפן אַ צענטראַלן דינעזאָן־קאָמיטעט. אין דער זעלבער צייט האָבן די ווילנער שול־טוער געפּרובט צו שאַפן אַ צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע מיט ברייטע פּעדאַגאָגישע אויפגאַבן. עס זיינען פאָרגעקומען אין וואַרשע צוויי קליינע באַראַטונגען, אָבער קיין גרויסע פּראַקטישע רעזולטאַטן האָבן זיי אין דער ערשטער צייט נישט געגעבן. און דעריבער האָט דער צענטראַלער דינעזאָן־קאָמיטעט באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך— דערווייל—די פונקציעס פון אַ צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע. ער האָט געעפנט אין וואַרשע לערער־קורסן, אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אַ שול־פּראָגראַם, געגרינדעט אַ פאַרלאַג, זיך אָפּגעגעבן מיט דער פראַגע וועגן דער אָרטאָגראַפיע, אָנגעקניפּט פאַרבינדונג מיט דער פּראָווינץ. דער ברענעדיקער מאַנגל אין געלט האָט שטאַרק געשטערט זיין ארבעט, אָבער ער האָט געוואָרפן די ערשטע זוימען, און די פרוכט האָט זיך שוין באַוויזן.

איך האָב שוין דערמאָנט אין פאָריקן ארטיקל וועגן דעם שול־צוזאַמענפאָר, וואָס איז לעצטנס פאָרגעקומען אין וואַרשע. שוין דער פאַקט אַליין, אַז עס זיינען זיך צונויפגעקומען קנאַפּע 400 אידישע שול־טוער — פאַרטרעטער פון 200 שולן און קינדער־היימען — איז אַ גוואַלדיקער ערפאָלג, אויף וועלכן מען וואָלט זיך נאָך מיט אַ האַלבן יאָר צוריק אַבסאָלוט נישט גע־

קענט ריכטן. די גרויסע צענטראלע שול־ארגאניזאציע איז ענדלאך געגרינדעט געווארן, און דער אויסגעקליבענער צענטער האט זיך מיט גרויס ענערגיע גענומען דורכצופירן די וויכטיקע ארבעטן פון אזא ארגאניזאציע.

אמת, די איינצעלנע טיפן און איינצעלנע ריכטונגען זיינען געבליבן און האבן זיך נישט אפגעזאגט פון זייער זעלבשטענדיקייט, אבער די צענטראלע ארגאניזאציע וועט ערפילן די אויפגאבן, וועלכע זיינען געמיינזאם פאר אלע אונזערע שולן, און אזעלכע אורזאכן איז דא פאראן אן א שיעור און צן א ברעג.

די באשלוסן פון דער בעראטונג זיינען אויסגעהאלטן אין א שטרענג סאציאליסטישן גייסט, וואס שליסט נישט אויס זייער בולט „אידישיסטישע" ריכטונג (איך פוילן איז די אידישע סאציאליסטישע באוועגונג דורך און דורך „אידישיסטיש"). אין דער לעצטער צייט זיינען אין פוילן צוגעקומען א היבש ביסעלע נייע, יונגינקע כוחות, און מען קאן האפן אויפ'ן שענסטן ערפאלג פון דער ארבעט.

מען קאן אבער האפן דערויף נאר מיט איין תנאי: אויב עס וועט זיך איינגעבן גובר צו זיין די גרויסע מאטעריעלע שוועריקייטן.

אבער וועגן דער דאזיקער פראגע — וואס איז אן אמת'ע לעבנס־פראגע פאר אונזערע שולן — וועל איך זיך דערלויבן צו רעדן אין א באזונדערן — לעצטן ארטיקל.

---

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאנס

פון ל. לאקסאן

## 5. מיקעל אנדזשעלא (1563—1474)

אין דער צייט פון רענעסאנס אין איטאליע איז געבוירן געווארן א נייע קולטור־וועלט, געבוירן געווארן אין הארטן קאמף, אין יסורים, אין מאטערניש און אין שיינקייט. מיקעל אנדזשעלא, איינער פון די גרעסטע מענשן פון יענער צייט, שפיגלט אפ אין זיין פערזענלאכקייט אלע געבורטס־ווייען פון יענער עפאכע.

כדי צו פארשטיין דעם כאראקטער פון מיקעל אנדזשעלאס קינסטלערישן שאפן, איז קודם כל נייטיק קלאר זיך פארצושטעלן זיין אינווייניקסטע געשטאלט, זיין אייגענע רעבעלישע, ליידנשאפטלאכע ביז צו פאנאטיזם נאטור, מחמת ער איז — איינער פון יענע קינסטלער, וואס לייגן אריין אין די שאפונגען פון זייער טאלאנט זייער אייגענע נשמה, זייער אינדיווידואליטעט, זייערע שטרעבונגען און געדאנקן.

אז מען לייענט איבער זיין ביאגראפיע, דאכט זיך, אז נאר די ווידערשפרעכנדיקע פילארטיקייט, אלע גייסטיקע, רעליגיעזע און קינסטלערישע זוכענישן פון דער רענעסאנס־עפאכע, נאר די זינלאזיקייט פון אירע נביאים און דער גאנצער פלאם פון אירע שייטעדהויפן, האט זיך מיט א ברייטן, זודיקן שטראם אריינגעריסן אין דער נשמה פון דעם דאזיקן גרויסן קינסטלער, כדי אויף אייביק אין איר צו צושטערן די הארמאניע און די שטילע פרייד פון לעבן. ניט אומזיסט איז מיקעל אנדזשעלא אין דער יוגנט געוועזן סאוואנאראלאס א פריינט! מיקעל אנדזשעלא, דער קינסטלער און דיכטער, איז געוועזן א פריינט פון א פלאם־פייערדיקן פאנאטיקער, וואס איז געוועזן אן אסקעט, א נזיר, וואס האט פאראכט עולם הזה. זיי האט פאראייניקט אן אלגעמיינער פראטעסט קעגן לעבן, וואס איז ניט געוועזן אין הסכם מיט'ן אידעאל, אן אלגעמיינער דארשט צו עפעס א וועלכער איבער־מענשלאכער, געטלאכער שיינקייט.

זיין רייכע, משונה'דיקע, ענערגישע פאנטאזיע האט אין זיך אפגעשפיגלט די גאנצע קנוואולסיווע אומרואיקייט פון מיטלאלטער, זיין רויקייט, שטרענגקייט און קראפט, וואס איז געבוירן געווארן אין דעם אייביקן קאמף מיט דער זינד. דער גרעסטער טייל פון זיינע סוזשעטן איז גענומען געווארן פון דער ביבל. אין די גראנדיעזע, אויבערמענשלאך־מאכטיקע געשטאלטן פון די נביאים און אין די בילדער פון מעשה בראשית, פון דעם וועלטבאשאף, איז אים געווען גרינגער פון אלץ צו פארווירקלאכן זיינע טרוימעריי.

* * *

מיקעל אנדזשעלא האט געשטאמט פון אן אלטער פלארענטינער אדעל־פאמיליע, די מיטגלידער פון וועלכער עס האבן פארנומען אנגעזעענע ערטער אין דער פלארענטינער רעפובליק. ווען ער איז אונטערגעוואקסן און האט גענומען גיין אין שול, פלעגט ער אויסנוצן יעדן פרייען אויגנבליק אויף צום צייכענען און מאלן. אין אנהייב פלעגט דער פאטער אויף אים זיך בייזערן, פארוואס ער פארנעמט זיך מיט אזוינע נארישקייטן; אבער אינגיכן האט ער זיך איבערצייגט, אז זיין קינד איז דערפילט מיט א קינסטלערישער שטרעבונג, וואס ער קאן ניט ביי־קומען, און דערום האט ער באשלאסן צו לערנען זיין קינד מאלעריי. צו 15 יאר האט מיקעל אנדזשעלא מער פון אלץ באוואוסט אלס סקולפטאר און מאלער, אבער ער איז געוועזן, א חוץ דעם, אויך אן ארכיטעקטאר, א פאעט, א מוזיקאנט און געלערטער. ניט אכטנדיק אויף זיין געניינגטקייט צו מיסטיציזם, אויף זיין אמונה אין חלומות און פארגעפילן, האט ער עקשנותדיק, אין פארלויף פון צוועלף יאר, זיך באשעפטיקט מיט אנאטאמיע, פארשנדיק באזונדער אויפמערקזאם די פארמען פון דעם מענשלאכן קערפער.

וועגן זיין יוגענט איז גאנץ ווייניק באוואוסט. מיר ווייסן נאר, אז זינט די ערשטע טריט אין לעבן איז ער געוועזן אומגליקלאך, ווייל אין זיין אייגענעם כאראקטער האט ער געטראגן די אורזאכן, כדי דאס גאנצע לעבן צו זיין אומגליקלאך און אומבאפרידיקט. זיין כאראקטער איז געוועזן א קרענקלאכער, א טריבער, א האמעטנער, ער האט ניט געקאנט הויזן מיט מענשן און דאס האט פארשאפט א סך ליידן סיי אים, סיי די ארומיקע. ער איז געוועזן צוקריגט מיט אלע פלארענטינישע קינסטלער, אויך מיט לעאנארדא דא־ווינטשי און ראפאעל. ער האט זיך געקריגט מיט זיינע לערער און חברים, וואס איינער פון זיי האט אין א קריג אים א זעץ געטאן אין פנים און האט נאך מער פארדארבן זיין געזיכט, וואס איז אזוי אויך ניט שיין געוועזן פון דער נאטור. שפעטער, בעת מיקעל אנדזשעלא און ראפאעל זיינען געוועזן אין רוים, האט דער לעצטער וועגן אים געזאגט, אז ער גייט ארום איבער די גאסן, „ווי א תליון". אט דער פארגלייך מאלט אונז גאנץ העל גאר די גרויזאמקייט און די ניט־אנציענדקייט פון מיקעל אנדזשעלאס אויסערלאכער געשטאלט. דאס האט זיכער אים פארביטערט און נאך מער אים געמאטערט. ער האט קיין פריינט ניט געהאט אויסער דעם פאפסט יוליוס דעם 2טן, וועלכער, הגם ער פלעגט זיך מיט'ן קינסטלער שטענדיק קריגן, דאך האט ער אים ליב געהאט און געשעצט. ער האט אויך ניט געהאט קיין פאמיליען־הויז, וואו ער זאל קענען געפינען אן אפרו און ליבע. מיט אלעמען איז ער געוועזן צוקריגט. אין זיין גאנצער יוגענט איז אים אויסגעקומען צו פירן א קאמף מיט זיין פאטער. אלע זיינע בריף גיבן קיין אנדערע ידיעות ניט וועגן זיין לעבן אויסער דעם, וואס אים איז אויסגעקומען צו פירן א מאסע ווולגארע מחלוקות צוליב געלט. קיין פאמיליע האט ער ניט געהאט: ער איז קיינמאל ניט געוועזן באווייבט.

מיר ווייסן ניט קיין באזונדערע געשעענישן אין זיין לעבן, וואס איז פארלאפן אונטער'ן שוץ פון די פארשטייער פון דער גייסטלאכער און וועלטלאכער מאכט, ווייל נאר אט דער שוץ האט אים געגעבן די מעגלאכקייט צו פארווירקלאכן זיינע קינסטלערישע פארטראכטענישן. אין אזא לאגע זיינען געווען אלע קינסטלער פון רענעסאנס. פון די ניט פילע ידיעות, וואס זיינען צו אונז דערגאנגען פון דער טיפעניש פון די יארהונדערטער, שטייט אויף פאר אונז זיין געשטאלט, ווי די געשטאלט פון א ראמאנטיקער אין בייראנס סטיל, פון א טיטאנישן טרוימער און אידעאליסט, וואס האט שטאלץ געשטרעבט הינטער „די גרענעצן

פון דעם באגרענעצטן", פון א ליידנדן, וואס ווערט באטרונקען פון זיינע יסורים.

אבער — „ווער קאן, אקעאן פארבייזטער, דיינע סודות דערפארשן?" ווער קאן ארייננדרינגען אין די טיפענישן פון א גאונ'ס נשמה? ווער קאן מיט זיכערקייט זאגן, אז די סאמע סובטילע טרוימעריי'ען זיינען אומפארווירקלאכבאר? . .

ביי די יארן, בעת דאס לעבן נעמט שוין פאלן אויף צוריק, האט אויפגעשימערט פאר מיקעל אנדזשעלא, דעם מידן און אנטוישטן, א פייערל פון אן אידעאלער ליבע, וואס האט געשטילט זיין אייביקן דארשט, וואס האט באראויקט און ווייכער געמאכט זיין נשמה. דאס איז געווען ניט דער מארגנשטערן, נאר דער אוונטשטערן, וואס האט אבער אויך רייץ און חן . . .

אין יאר 1542 האט ער זיך באקאנט אין רוים מיט וויטאריא קאלאנא מיט דער אלמנה פון פירסט פעסקארא, וועלכער איז אומגעקומען אין מלחמה, און די דאזיקע באקאנטשאפט האט געמאכט קלינגען אין זיין נשמה נייע, צארטע סטרונעס, האט אים געגעבן די מעגלאכקייט זיך אפצורוען פון זיינע ניט־מענשלאך שטארקע שטרעבונגען און דראנגען, איינצובויגן זיין רעבעלישן קאפ פאר איין מענשלאך וועזן. אין יענער צייט האט ער אנגעשריבן דעם גרעסטן טייל פון זיינע געדיכטן און סאנעטן, וואס זיינען ארויסגעגעבן געווארן אין יאר 1863 אין איטאליע. זייער ליבע איז גיכער געווען א פלאטאנישע. זייער ליבע, ריכטיקער, זייער פריינטשאפט האט אנגעהאלטן ביז וויטאריאס טויט.

די לעצטע צען יאר פון זיין לעבן האט מיקעל אנדזשעלא פארבראכט אין רוים. די דאזיקע יארן האט ער געווידמעט צו דער ארבעט איבער דעם קופאל פון דער קירך פון דעם הייליקן פעטער, וואס איז איינע פון די מערקווירדיקסטע שאפונגען פון דער ארכיטעקטור. קענטיק, אז ער האט אויף אט דער ארבעט געקוקט ווי אויף א קרבן צו גאט, מחמת ער האט זיך אפגעזאגט צו נעמען געלט פאר דער דאזיקער ארבעט.

אין יאר 1563 איז ער געשטארבן, איבערלאזנדיק נאך זיך א סך תלמידים. אבער זיי האט זיך קיינמאל ניט איינגעגעבן צו „כאפן דעם שניט" פון זייער געניאלן רבי'ן, דעם צויבער און די איינפאכקייט פון זיין שאפן.

* * *

מיקעל אנדזשעלא איז געווען א מאלער און סקולפטאר. די וויכטיקסטע פון זיינע סקולפטארישע ארבעטן זיינען: „משה" און „דוד". די גרויסע מרמאר־סטאטוע משה שטייט אויפ'ן קבר פון דעם פאפסט יוליו דעם 2־טן אין רוים, די מארמאר־סטאטוע „דוד" געפינט זיך אין פלארענץ. משה'ן האט מיקעל אנדזשעלא פארגעשטעלט ווי א העלד, אין וועלכן עס גליט א פייערדיקע קראפט פון טאטן; ער זיצט אין א מאיעסטעטישער פאזע און עס דוכט זיך, אז מיט גרויס מי באהערשט ער אין זיך דעם אינערלאכן פייער. אמשטארקסטן ווערט אויסגעדריקט די מאכט אין די וואונדערבאר שיינע הענט. די רעכטע האנט איז אנגעלענט אויף די לוחות און איינציגע פינגער שטעקן אין די לאקן פון דער מאלעריש־ווייכער בארד. פיל מאכט ווערט אויך אויסגעדריקט אין קאפ, פון וועלכן עס שיינען ארויס די שטראלן פון צווישן די צוויי קורצע הערנער, וועלכע מיקעל אנדזשעלא האט אים געמאכט לויט א פארגרייזטער לעגענדע. פון געזיכט פון דעם דאזיקן שרעקלאכן פירשט לייכט דער געטלאכער גלאנץ, וואס גאט האט אים געשענקט. אזוי בלענדנד, אז מען פילט א מורא צו אים צוצוגיין, „כי קרן עור פניו". דער געוואלדיקער איינדרוק, וואס די דאזיקע פיגור מאכט אויפ'ן באאבאכטער, קומט ארויס צוליב דעם קינסטלערישן קאנטראסט צווישן דעם אינערלאכן פייער און דער אויסערלאכער רוע, וואס ווערן אויסגעדריקט אין משה'ס פאזע.

מיקעל אנדזשעלאס דוד שטעלט נישט פאר דוד דעם נביא, אויך נישט דוד המלך, נאר דוד דעם העלד, וועלכער וויל ווייזן די פלישתים, אז אידן האבן א גאט. דוד איז נאך גאר א יונגער מאן און שטייט אנטקעגן דעם שונא פון זיין פאלק, גרייט אים צו טייטן. מיר זעען דעם העלדישן יונגען מאן אין דעם אויגנבליק, בעת ער טוט א קוק אויף גלית הפלישתי מיט שרעקלאכער אנטשלאסנקייט אין הארצן; ווי ער שפארט זיך אן פעסט מיט'ן רעכטן פוס, כדי צו ווארפן דעם שטיין; מיט דער לינקער האנט נעמט ער אראפ דעם שליידער־האלץ פון אקסל און אין דער רעכטער האלט ער שוין צוגעגרייט דעם שטיין.

איינע פון זיינע וואונדערלאכסטע ארבעטן אויפ'ן געביט פון מאלעריי, איז די מאלעריי אויפ'ן סופיט פון דער סיקסטינישער קירך אין רוים. די בילדער אויפ'ן סופיט שטעלן פאר פארשידענע סצענען פון תנ"ך. די ערשטע בילדער פון מיטלסטן פלאץ שטעלן פאר ווי גאט האט באשאפן די וועלט. דאס ערשטע בילד איז: „יהי אור!" — גאט שיידט אפ די פינסטערניש פון דער ליכטיקייט. דאס צווייטע בילד באשטייט פון צוויי טיילן. פון איין זייט זעט מען ווי גאט באשאפט די הימלליכטער, די זון, די לבנה און די שטערן; פון דער אנדערער זייט שוועבט גאט איבער דער ערד און ווי ער שטרעקט אויס די האנט, אזוי ציט ער ארויס פון דער ערד פארשידענע שפראצונגען און געוויקסן. דאס דריטע בילד ווייזט אונז ווי גאט שוועבט איבער דער אויבערפלאך פון וואסער און באשאפט פארשידענע חיות און שרצים. די שענסטע און גרעסטע צווישן אלע בילדער איז די פערטע, וואו גאט באשאפט דעם מענשן. אויף דעם פינפטן בילד ווערט באשאפן די פרוי, וועלכע דאנקט גאט דערפאר, וואס ער האט איר לעבן געגעבן.

ווייטער זעען מיר סצענען, ווי אדם הראשון זיצט מיט חוה'ן אין גן־עדן, ווי די שלאנג רעדט זי אן צו עסן פון עץ הדעת און ווי זיי ווערן פון גן־עדן פארטריבן. דאס ווייטערע בילד שטעלט פאר אדמ'ס פאמיליע, און ווי קין און הבל זיינען מקריב קרבנות צו גאט. דערנאך זעען מיר דעם מבול, די מהומה און שרעק פון די מענשן, וואס נייען אונטער, און אין דער הויך שווימט די תבה. דאס לעצטע בילד שטעלט פאר דעם שכור'ן נח און זיינע זין, וואס זיינען ניצול געווארן פון מבול.

אט די אלע בילדער פארנעמען דעם מיטל־פלאץ. פון די זייטן האט מיקעל אנדזשעלא אויסגעמאלט זיבן נביאים (ירמיהו, דניאל, יחזקאל, ישעיהו, יואל, זכריהו, יונה, און פינף סיביליען (נביאות) פון די אומות העולם. אויסער דעם געפינען זיך נאך ביי די זייטן: דאס בילד, ווי דוד הרג'עט גלית'ן; ווי יהודית הרג'עט הולופרנש'ן; און א בילד אין דריי טיילן, וואס שטעלן פאר מגילת אסתר: ערשטער טייל: אחשורוש ליגט ביינאכט אויף זיין בעט און שמשי סופר בלעטערט פאר אים די יארביכער צו געפינען מרדכי'ס פארדינסטן; צווייטער טייל: דער מאלצייט ביי אסתר המלכה; דריטער טייל: המן הענגט אויף דער תליה. די איבעריקע בילדער, וואס געפינען זיך נידעריקער צו די ווענט־צו, שטעלן פאר פארשידענע סצענען פון „ברית החדשה."

אט די אלע בילדער זיינען מייסטערווערק פון א גאון, אויף וועלכע די וועלט קוקט נאך היינט און וועט אייביק קוקן מיט דערשטוינונג. בעת געטע, דער גרויסער דייטשער דיכטער, האט דאס ערשטע מאל געזען דעם דאזיקן סופיט, האט ער נישט געקאנט געפינען קיין ווערטער אויף אויסצודריקן זיינע געפילן. ער האט דעמאלט געשריבן: איך האב נאר געקאנט זען און שטוינען. די אינערלאכע זיכערקייט און מעגלאכקייט פון מייסטער, זיין גרויסקייט, איז אוממעגלאך אויסצודריקן אין ווערטער. ווען ער האט דעם סופיט באטראכט א צווייטן מאל איז ער ערשט געווען אימשטאנד איבערצוגעבן זיין איינדרוק אין ווערטער: איך בין אין דעם אויגנבליק אזוי אנטציקט מיט מיקעל אנדזשעלא, אז נאך אים שמעקט מיר שוין נישט אפילו די נאטור, ווייל איך בין דאך נישט אימשטאנד צו זען די נאטור מיט אזעלכע אויגן, ווי ער האט זי געזען.

פון זיינע פיל איבעריקע ווערק צייכענען זיך באזונדערס אויס: „דער לעצטער יום־הדין", וואס שטעלט פאר ווי גאט קומט משפט'ן די וועלט, באשטראפט די רשעים און באלוינט די צדיקים, יעדן ווי ער האט פארדינט. דאס דאזיקע בילד איז אומגעהייער גרויס, עס פארנעמט א גאנצע וואנט אין דער קירך. מיקעל אנדזשעלא האט אויף דעם דאזיקן בילד געארבעט גאנצע זיבן יאר.

געשטארבן איז מיקעל אנדזשעלא אין עלטער פון ניינציק יאר. דער פאפסט האט געוואלט זיין קערפער באגראבן אין דער קירך פון סט. פעטער, וואו נאר פאפסטן ווערן באערדיקט; אבער מיקעל אנדזשעלאס א פריינט האט זיך דערוואוסט, אז דער גרויסער מייסטער האט אויסגעדריקט זיין באגער באערדיקט צו ווערן אין זיין היימאטס־שטאט פלארענץ. דערום האט ער זיין קערפער באקומען אין געהיים און בגנבה אריבערגעפירט אין פלארענץ. דארט איז פארגעקומען אזא פאראד לכבוד דעם גרויסן קינסטלער, וואס פלארענץ האט נאך קיינמאל נישט געזען. דער דענקמאל אויף מיקעל אנדזשעלאס קבר שטעלט פאר ווי די טרויערנדיקע געשטאלטן פון די דריי קונסטן (מאלעריי, סקולפטור און ארכיטעקטור) זיינען פארזאמלט ארום אן ארון, איבער וועלכן עס זעט זיך מיקעל אנדזשעלאס ביוסט.

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## 2. פּראָזע פאַר קינדער

### ד.

### היסטאָרישע געשטאַלטן און לעגענדעס (המשך)

די פאַרפאַסערס פון די איבעריקע דריי ביכלאַך וועגן משה האָבן די אויפגאַבע אויפצולעבן פאַר די היינטיקע אידישע קינדער די אַלטע אידישע לעגענדעס און לעגענדאַרישע געשטאַלטן פאַרשטאַנען ניט אַזוי ווי נ. לוריה, נאָר ווי ר' מרדכי'לע, דער פאַרפאַסער פון דעם דערמאָנטן ביכל „שלמה המלך און דער אשמדאי“. אַזוי ווי ער, זיינען אויך זיי אויסן נאָר אויפצוקלייבן און ריין אויסערלאַך צונויפצובינדן — אַרויפציען ווי פּערל אויף איין שנירל — די פאַרשידענע, צעזייטע און צעשפּרייטע, לעגענדעס, וואָס זיינען פאַראַן אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור וועגן משה. די וואונדערלאַכע און פאַנטאַסטישע געשיכטן זיינען פאַר זיי אַ ציל פאַר זיך אַליין, נישט קיין מיטל צו לאָזן אויפשיינען פאַר אונז די געשטאַלט פון משה; ווי זי האָט געלעבט און לעבט נאָך צום טייל איצט אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע.

דערפאַר איז דער עיקר אין זייערע ביכלאַך די פאַבל, דער ספּור־המעשה, ריכטיקער, די ספּורי מעשיות און ניט עפּעס אַ תוך, אַן אידעע, וואָס פאַראייניקט זיי. אין זייערע ביכלאַך איז נישטאָ אָבער יענע קלייב־ און סיסטעמאַטיזיר־אַרבעט, וועלכע איז פאַראַן ביי ר' מרדכי'לען. זיי האָבן זיך געשטעלט זייער אַ לייכטע אויפגאַבע: איבערדערציילן, אָן קיין שום ציל און אָן קיין שום אינעווייניקסטער פאַרבינדונג, איבערדערציילן די אָדער יענע ביבלישע אָדער אגדה'שע שטעלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו משה'ן, אָבער איבערדערציילן די ביבל אָדער די אגדה, אויב מען האָט נישט דערביי קיין שום אַנדער ציל, אַ חוץ דעם עצם „באַאַרבעטן“ די ביבל אָדער די אגדה, — איז אַן אומזין. יעדע „באַאַרבעטונג“ פון גרויסע ווערק איז אַן אומזין און נאָך ערגער — אַ פעלשונג, אַן אַפּנאַרעריי, אַ גייסטיקער מאָרד, קאָמפּילירונג פון אַזוינע ווערק ווי פאָלקס־לעגענדעס, וועלכע לעבן און קאָנען לעבן נאָר אין דער אַטמאָספערע פון יענעם אָרגאַנישן סטיל, אין וועלכן זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן. רייסט איר זיי אַרויס פון דער דאָזיקער ליכט — איז גלייך ווי איר וואָלט אָפּגעריסן אַ פלאַנצונג פון אירע וואָרצלען און געוואָלט זי דערנאָך, אַן אָנוואָרצלדיקע, אויפהיטן. דאָס אין אוממעגלאַכע זאַך, און דאָס איז בפירוש אַ פאַרברעכן — טויטן אַ לעבעדיקע גייסטיקע פלאַנצונג, ניט האָבנדיק קיין כח זי צוריק לעבעדיק צו מאַכן! און נאָך אַ גרעסערע זינד איז אונטערטראָגן אַזאַ געטויטע זאַך — און וועמען אונטערטראָגן? קינדער! — און זאָגן, אַז עס לעבט. און דאָס טוען דאָך די אַלע דערמאָנטע איבערדערציילער פון די משה־לעגענדעס! זיי האָבן אַפילו ניט געמיט זיך, ווי דאָס האָבן געטאָן ר' מרדכי'לע און דערהויפּט נ. לוריה, אויפצוהיטן אין די לעגענדעס דעם טעם און ריח פון זייער אייגענעם סטיל. זיי האָבן ביי זיי צוגענומען דעם חיות, אָפּגעריסן זיי פון זייער נאַטירלאַכן באָדן, און קיין נייעם לעבנסאָטעם האָבן זיי אין זיי ניט אַריינגעלאָזן.

ווען מיר לייענען די וואונדער־מעשיות אין אָריגינאַל אָדער — בלית ברירה — אין אַ טרייער ווערטלאַכער איבערזעצונג, פילן מיר, אויב מיר אַליין גלויבן שוין מער ניט אין זיי, דעם גלויבן פון די, וואָס האָבן זיי פאַרשריבן, מיר אָטעמען אין זיך אַריין, אַזוי צו זאָגן, זייער אָטעם. אָבער די, וואָס פּרובן אונז איצט איבערדערציילן די אַלע זאַכן, גלויבן ניט אין זיי אַליין, און קיין דיכטער, וואָס זאָלן אַ נייעם לעבן, אַ סימבאָלישן לעבן, אין זיי אַריינברענגען, זיינען זיי אויך ניט, — היינט וואָס פאַר אַ טעם קאָנען מיר פילן אין זייערע ביבלישע קאָמפּילאַציעס? פילן מיר טאַקע אין זיי ניט קיין טעם, אַ חוץ עפּעס אַ ווידער־טעם. און אַ ביטערער פאַרדראָס נעמט אונז אָן, וואָס מען שפּייזט אונזערע קינדער מיט אַזוינע סוראָגאַטן.

צו וואָס דאַרף מען זיי, די סוראָגאַטאַן? צו וואָס דאַרף מען גראָבן גריבער אויף רעגנוואַסער, אַז עס איז דאָ אַ פרישער לעבעדיקער קוואַל? ממה נפשך — האָבן די לעגענדעס און לעגענדאַרישע געשטאַלטן פון דער ביבל און דער אגדה נישט קיין ווערדע פאַר אונז, ראַן טויגן דאָך די „באַאַרבעטונגען“ פון די פאַטס און די אויערבאַכס אודאי ניט. אלא וואָס דען, די ביבלישע לעגענדן (אָדער אַ טייל פון זיי) האָבן נאָך עד היום אין זיך לעבן און שיינקייט, טאָ זאָלן מיר זען זייער אמת'ן אורשפּרינגלאַכן, לעבן, זאָל פאַר אונז שיינען זייער אייגענער נאַטירלאַכער שיין.

געוויס קאָן מען ניט לערנען מיט קינדער די ביבל אינגאַנצן, ווי זי איז: עס זיינען דאָ אין איר שטעלן, וואָס זיינען ניט פאַר קינדערשע השגות, אָבער דערצו איז דאָ אַ מיטל: אויסקלייבן די קאַפּיטלאַך אָדער עפּיזאָדן, וואָס פּאַסן פאַר קינדער. אַזוי האָט מען געטאָן אין העברייאיש (ביאַליקס און ראַווניצקים „ספּורי המקרא“). קאָן מען טאָן אויך אין אידיש. אַזאַ מין ביבלישע כרעסטאָמאַטיע וואָלט געהאַט די מעלה, וואָס די קינדער וואָלטן זיך דורך איר באַקענט ניט נאָר מיט אַ טייל פון דעם אינהאַלט, נאָר אויך מיט דעם סטיל פון דער ביבל. דער ביבלישער סטיל איז פאַר זיך אַליין אַ וועלט, און פאַר אַ קינד, אַביסל אַ דערוואַקסענעם, איז אַ גרויס געווינס אַריינגעפירט צו ווערן אין דער דאָזיקער — אַגב, אָפט זייער קינדישער — וועלט. אָבער וואָס קאָן האָבן אַ קינד אָדער אַ דערוואַקסענער פון יעקב פאַטס אָדער אויערבאַכס „סטיל“? ער קאָן נאָר פאַרדאַרבן זיין געשמאַק. יעקב פאַט שרייבט: „בלוטיקער (?) שוויים מיט טרערן האָבן, ווי זאַלץ, אויף זייערע וואונדן געשמערצט“, און ביי ב. אויערבאַך („משעה'לאַך פון אמאָל“) געפינען מיר נאָך שענערע „אויסבעסערונגען“ פון דער ביבל. ב. אויערבאַך (ניט צונויפצומישן מיט אפרים אויערבאַך, וועלכער שרייבט ווייניקסטנס, קאָרעקט) דערציילט פאָלגענדיקס וועגן משה'ס געבורט: „צווישן די אידישע קינדער, וואָס די מצרים האָבן אַריינגעוואָרפן אין טייך נילוס, איז אויך געווען (?) אַ אינגעלע אַ זון פון יוכבד און עמרם פון שבט לוי. ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט די מוטער דערויף רחמנות געהאַט (!) און האָט עס באַהאַלטן. (נאָר־וואָס האָט ה' ב. אויערבאַך געשריבן, אַז די מצרים האָבן עס, כלומר'שט, „אַריינגעוואָרפן אין טייך נילוס“!) ווען אָבער די מצרים האָבן זיך דערפון דערוואוסט און זי האָט עס שוין נישט געקענט מער באַהאַלטן, האָט זי עס פונדעסטוועגן (!) אויך נישט געקאָנט וואַרפן אין וואַסער, זי האָט דאָס נישט געקאָנט אַריבערטראָגן“? א. אז. וו. אָט אַזעלכע און ענלאַכע פלוידערייען דאַרפן דאָס פאַרבייטן ביי אונז די טעקסטן פון דער ביבל! איז ניט גלייכער זיך ווענדן צו דער ביבל אַליין?

אמת, זי איז פול מיט נסים און גאָטס וואונדער. אָבער אויב דאָס שטערט דער „ראַציאָנאַליסטישער וועלטאַנשויאונג“, וואָס מען וויל איינפלאַנצן אין די קינדער, טאָר מען זיי דאַן בכלל ניט דערציילן קיין לעגענדעס און קיין פאַנטאַסטישע זאַכן. מען דערציילט זיי עס אָבער יאָ (און אויב מען דערציילט זיי ניט, טראַכטן זיי אַליין אָפּט אויס זאַכן, וואָס נישט געשטויגן נישט געפלויגן), מעג מען זיי באַקענען אויך מיט די וואונדער־געשיכטן און לעגענדעס פון דער ביבל.

אַגב, אונזערע „באַאַרבעטער“ פון דער ביבל שרעקן זיך גאָר ניט פאַר וואונדער. דער איינציקער, וואָס פּרובט דערקלערן געוויסע זאַכן פון חומש „על פּי דרך הטבע“ איז — יעקב פאַט. אָבער ער מאַכט זיך נאָר לעכערלאַך מיט זיין „ראַציאָנאַליזירונג.“ נעמט אַ שטייגער דאָס וואונדערלאַכע בילד פון די שטראַלן אויף משה'ס שטערן. וואָס האָט יעקב פאַט פון זיי

# דער צווייטער מיט אַ האַלבער אינטערנאַציאָנאַל

פון דר. ל. כ"ץ

„ווער עס האָט געגלויבט, אַז עס עקזיסטירט היינטיקע צייטן אַ; אינטערנאַציאָנאַל האָט געלעבט אין אַ גרויסן טעות", — אַזוי באַהויפּטן די פירער פון דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך געגרינדעט לעצטן פעברואַר.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַן אינטערנאַציאָנאַל און דער דריטער האָט, דורכ'ן אַרויסשטעלן פון די 21 פונקטן, באַוויזן, אַז ער וויל ניט און קען ניט זיין קיין אינטערנאַציאָנאַל.

צוליב אָט די טעמים און כדי צו קענען אַנטקעגנשטעלן דער פאַראייניקטער רעאַקציע אַ פאַראייניקטן פּראָלעטאַריאַט, ווילן „די פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וועלכע זיינען צו רעוואָלוציאָנער כדי צו קענען פאַרבלייבן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און קענען אָבער ניט מסכים זיין מיט די פאַנטאַסטישע און שעדלאַכע פּלענער פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, לייגן דעם יסוד פאַר אַ נייעם און אמת'ן אינטערנאַציאָנאַל."

אויף אַזוי ווייט זייערע אייגענע באַהויפּטונגען.

באַטראַכט מען אָבער נענטער די אומשטענדן וועלכע האָבן געפירט צום צושטאַנד־קומען פון דער פאַראייניגונג און באַטראַכט מען ווייטער די פּאַרטייען, וועלכע באַטייליקן זיך אין איר, דערמאָלט מוז מען קריגן דעם איינדרוק, אַז מען האָט דאָ אין דער אמת'ן צו טאָן מיט דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האָט אָנגענומען — געצוואונגען פון די אומשטענדן — אַ רעוואָלוציאָנערע מאַסקע און זוכט אויף דעם אופן צוריקצוגעווינען די פאַרלאָרענע פּאָזיציעס.

אַ קורצער ריקבליק און עטלאַכע פאַקטן וועלן אָט די באַהויפּטונגען באַשטעטיקן.

נאָך דער בערנער קאָנפערענץ פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין אָנהייב פון דעם יאָר 1919, ווען אָט דער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אַרויסגעוויזן פולשטענדיק באַנקראָט און אומפעיאיק צו פאַרטרעטן די פּראָלעטאַרישע אינטערעסן אַ דאַנק די פאַרשידענע רעפּובליקאַניש און קעניגלאַכע מיניסטאָרן, וועלכע האָבן אים אָנגעפירט; נאָכדעם ווי די מערהייטס־סאָציאַליסטן פון דייטשלאַנד — די גרעסטע פּאַרטיי פון דעם אינטערנאַציאָנאַל — איז אָפּן אַרויסגעטראָטן אַלס דער אַוואַנגאַרד פון דער דייטשער קאָנטער־רעוואָלוציע, נאָכדעם ווי מיט דער הילף פון אָט די מערהייטס־סאָציאַליסטן איז די בייערישע רעוואָלוציע דערשטיקט געוואָרן און עס איז איינגעפירט געוואָרן דער ווייסער טעראָר, האָט אָנגעהויבן צוזאַמענפאַלן דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז שוין געשטאַנען אויף הינקערישע פיס זייט דעם יאָר 1914.

געדריקט פון די לינקע עלעמענטן, איז די שווייצערישע פּאַרטיי געווען די ערשטע, וועלכע איז פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אַרויסגעטראָטן.

באַלד האָט זיך אויך די דייטשע אומאָפּהענגיקע אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין דער קענעדער קאָנפערענץ, וועלכע האָט געזאָלט זיין אַ פאָרזעצונג פון דער בערנער קאָנפערענץ.

דער שריט פון די דייטשע אומאָפּהענגיקע האָט געווירקט, אַז אויך די עסטרייכישע פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

די פירער פון דער פּאַרטיי האָבן דאָס געמוזט טאָן שוין פשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן ביז איצט די אָפּאָזיציע אין דער פּאַרטיי געטרייסט דערמיט, אַז זיי זיינען אין עסטרייך די זעלבע פּאַרטיי, וואָס די אומאָפּהענגיקע אין דייטשלאַנד, און וואָס יענע טוען, טוען זיי אויך.

אָט די עסטרייכישע פּאַרטיי, וועלכע באַרימט זיך, אַז זי איז אונטער די אייראָפּעאישע פּאַרטייען די איינציקע, וועמען ס'איז געלונגען אָנצוהאַלטן די פּראָלעטאַרישע אחדות — די פּאַרטיי, וועלכע באַרימט זיך, אַז זי איז איינע פון די יחידי סגולה פּאַרטייען, וועלכע האָבן ביים אָנהייב פון דער מלחמה אין פּאַרלאַמענט ניט מסכים געווען צו די קריגס־קרעדיטן — און פאַרגעסט צו דערציילן, אַז מען האָט אין עסטרייך דעם פּאַרלאַמענט איבערהויפּט ניט געפרעגט — די פּאַרטיי איז אַ קלאַסישער ביישפּיל דערפון אויף ווי ווייט ביי אַ טייל פּאַרטייען איז געשען דער אַרויסטרעטן פונ'ם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט מחמת דערפאַר, ווייל מען האָט ניט געקאָנט מסכים זיין מיט די פּרינציפּן און דער טאַקטיק פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר גאַנץ פשוט דערפאַר, ווייל דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז געוואָרן גאַנץ אומפּאָפּולער ביי די אַרבעטער־מאַסן. און אויב מען האָט ניט געוואָלט פאַרלירן דעם צוטרויען פון די מאַסן, אויב מען האָט זיי געוואָלט אָפּהיטן דערפון, ניט חלילה אַריינצופאַלן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט מען געמוזט אַרויסטרעטן פון דעם צווייטן.

אַז דאָס איז אין דער אמת'ן אַזוי, באַווייזט דער פאַקט, אַז מיט דעם אַרויסטרעטן פונ'ם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט די פּאַרטיי ניט געענדערט איר טאַקטיק אַפילו אויף אַ האָר. זי האָט זיך ווייטער באַטייליקט אין אַ קאָאַליציע מיט די עסטרייכישע שוואַרץ־מאַה'ניקעס און האָט אויף דעם אופן געטאָן דאָס זעלבע, וואָס למשל ס'האָט געטאָן די בעלגישע פּאַרטיי, וועלכע איז פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט אַרויסגעטראָטן.

ס'האָבן זיך אַלזאָ געפונען איצט דריי גרויסע פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך ניט צוגעהערט צו קיין שום אינטערנאַציאָנאַל.

די שווייצערישע פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט באַלד איר באַשלוס צוריקגעצויגן.

די עסטרייכישע האָט לכתחילה גאָרניט געקלערט וועגן אַריינטרעטן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל, ווייל דאָס וואָלט געמיינט בייטן די גאַנצע ביזאיצטיגע טאַקטיק, און דאָס האָט זי גאָר ניט בדעה געהאַט.

---

געמאַכט? אָט וואָס: „... האָט אָנגענומען משה'ן אַזאַ צער. זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן מער צו לייכטן, זיין פּנים האָט אָנגעהויבן מער צו גליען, און ש ט ר אַ ל ן  ה אָ ב ן  אַ ר ו י ס ג ע ז ע צ ט (?) פ ו ן  ד י  ק נ י י ט ש ן  פ ו ן  ז י י ן  ש ט ע ר ן".

אָבער ניט נאָר די „שטראַלן" — די גאַנצע וואונדערלאַכע געשטאַלט פון משה איז ביי אונזערע „באַאַרבעטער" געוואָרן צונישט. און אַנדערש וואָלט עס נישט געווען אַפילו, ווען זיי וואָלטן געהאַט מער פעאיקייט דערצו, וואָרום דער עצם רעיון פון סתם אַזוי זיך „באַאַרבעטן" די ביבל אָדער די אגדה איז, ווי מיר האָבן געזען, אַ פאַלשער און אומזיניקער.

דערפאַר וויל איך זיך שוין נישט אָפּשטעלן אויף די איבעריקע „באַאַרבעטונגען" פון דער ביבל, וואָס זיינען אַרויס אין דער לעצטער צייט (יעקב פאַטס „יריחו", „גדעון", „יפתח", „שמשון", ב. אויערבאַכס „אידישע געשיכטע און לעגענדן", וועלכע הייבט זיך, אַגב, אָן פון ... אָדם הראשון, אפרים אויערבאַכס „יוסף און זיינע ברידער", י. ראַווינס „מגלת אסתר", „פריי איבערדערציילט אין פערזן", לאָדז, 1918): זיי אַלע וואָלטן געווען איבעריק, ווען זיי וואָלטן אַפילו ניט געשריבן געווען אויף אַזאַ טרוקענער, כמעט הילצערנער שפּראַך, ווי ביי אפרים אויערבאַך, אַזוי זיסלאַך־סענטימענטאַל, ווי ביי פאַט'ן, אַזוי עם־האַרצ'יש, ווי ביי ב. אויערבאַך, אָדער אַזוי פּורים־שפּילעריש, ווי ביי י. ראַווין ... בפרט אָבער איצטער, ווען זיי זיינען אָדער טויט־טרוקן, אָדער פאַלש־סענטימענטאַל, אָדער ברחנ'יש, אָדער פשוט עם־האַרצ'יש — זיינען זיי געוויס אַ פאַרדאַרבונג פאַר'ן קינדערשן געשמאַק, און איך קאָן בשום אופן נישט באַנעמען, ווי אַזוי לערער (די אַלע פאַרפאַסער זיינען, אויב איך האָב קיין טעות ניט, לערער) קענען געבן קינדער אַזוינע זאַכן ...

די אומאָפּהענגיקע, וועלכע איז באשטאַנען צום גרעסטן טייל פון רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, האָט אָנגעקניפּט פאַרהאַנדלונגען מיט דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל און האָט באַקומען אַלס ענטפער די באַקאַנטע 21 פּונקטען, וועלכע דער צווייטער קאָנגרעס פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט ארויסגעשטעלט.

דער פּועל יוצא דערפון איז געווען, אַז די אומאָפּהענגיקע האָבן זיך געשפּאָלטן, דער רעוואָלוציאָנערער עלעמענט, וועלכען איז געווען אין דער מערהייט, האָט זיך פאַראייניקט מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער רעכטער פליגל, וועלכער האָט זיך איצט מיט גאָרניט אָפּגעשיידט פון די מערהייטס־סאָציאַליסטן, איז פאַרבליבן אַלס זעלבשטענדיקע פּאַרטיי אונטער דעם אַלטן נאָמען.

אַזעלכע שפּאַלטונגען זיינען פאָרגעקומען באַלד כמעט ביי אַלע אייראָפּעאישע פּאַרטייען.

איבעראַל האָט זיך איצט געפונען אַן אָפּגעשפּאָלטענער רעכטער פליגעל פון אַ געוועזענער לינקער פּאַרטיי. אָט די אַלע רעכטע פליגלען, די אַלע „אַרויסגעטראָטענע און ניט אַריינגעטראָטענע פּאַרטייען" האָבן זיך פּאַקטיש גאַנץ גוט אַריינגעפּאַסט אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און אויב זיי זיינען איצט אין דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צוריק ניט אַריינגעטראָטען, אויב זיי זיינען צוגעטראָטן צום גרינדן פון אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל, איז עס נאָר געשעען מחמת דער אומפּאָפּולאַריטעט פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ביי די מאַסן, נאָר כדי שיינבאַר צו באַפרידיקן דעם רעוואָלוציאָנערן דראַנג פון די מאַסן.

וואָלט דאָס ניט געווען דער פאַל, וואָלט מען דאָ באמת געהאַט צו טאָן מיט אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דאַן וואָלט דאָך זייער פּראָגראַם — אויב עס איז איבערהויפּט פאַראַן אַ פּראָגראַם — כאָטש מיט עפּעס זיך געמוזט אונטערשיידן פון דעם צווייטן זינטערנאַציאָנאַל, און דאָס איז ניט דער פאַל.

עטלאַכע פאַקטן וועלן באַווייזן די ריכטיקייט פון דער באַהויפּטונג.

דער קאָנגרעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך פּרינציפּיעל ניט אָפּגעזאָגט פון באַטייליקן זיך אין אַ קאָאַליציאָנס־מלוכה. אמת, ער האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז די באַטייליקטע פּאַרטייען זיינען מחויב ניט צוצולאָזן אַן אינטערווענציע פון זייערע מלוכות אין רוסלאַנד — אָבער דאָס האָט דאָך דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל אויך געטאָן, און אויף ווי וויט די רעזאָלוציע האָט באמת געשטרעבט צו העלפן סאָוועט רוסלאַנד, באַווייזט דער פאַקט, אַז עס האָבן זיך אויך באַטייליקט אויף דעם קאָנגרעס רוסישע „סאָציאַליסטן", וועלכע האָבן געהאָלפן קאָלטשאַקן און דעניקינען אין זייער „באַפרייאונגס־קאַמף".

כאַראַקטעריסטיש דערפאַר ווי שטאַרק דער צוויי און אַ האַלב אינטערנאַציאָנאַל „שטרעבט צו פאַראייניקן דעם פּראָלעטאַריאַט", איז דער פאַל: אַ פאָרשלאַג פון אַ טייל פון די שווייצערישע דעלעגאַטן אָנצוקניפּן פאַרהאַנדלונגען מיט „מאָסקווע", כדי זיך מיט דער צייט צו פאַראייניקן מיט דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, איז כמעט איינשטימיק פאַרוואָרפן געוואָרן מיט דער באַגרינדונג, אַז מיט מענשן, פון וועלכע מען איז אַזוי באַליידיקט געוואָרן, קען מען ניט האָבן גאָר קיין געמיינזאַמעס.

צו דערזעלבער צייט, ווען מען האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז מען באַוואונדערט דעם העלדנקאַמף פון דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט, האָט מען ניט דורכגעלאָזן קיין שום געלעגנהייט אָנצופאַלן אויף דער ראַטן־מאַכט.

אָט, למשל, דער פאַל:

בעת דער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסן, איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז באָלשעוויסטישע טרופּן האָבן אָקופּירט געאָרגיען. ניט קוקנדיק דערויף וואָס די ידיעה איז געקומען פון אַ באַקאַנטער אַנטי־באָלשעוויסטישער קאָרעספּאָנדענץ־ביוראָ, איז קיינעם ניט איינגעפאַלן צו צווייפלען. מען האָט אָנגעמאַכט אַ גאָר גרויסן רעש און אויסגעדריקט גרויס אַנטריסטונג: סטייטש — אימפּעריאַליזם!

„די ראַטן־מאַכט זוכט צו אונטערדריקן מיט געוואַלט די איינציקע אמת'דיקע מלוכה, וועלכע שטיצט זיך ניט אויף געוואַלט — בעת מען נעמט אויף איין זייט אָן פריער אַ רעזאָלוציע, אַז „דיקטאַטור פונ'ם פּראָלעטאַריאַט איז אויך אַ פאָרם פון קלאַסנקאַמף", געפינט מען אויף דער אַנדערער זייט, אַז די געאָרגישע מלוכה איז די **אמת** סאָציאַליסטישע, ווייל זי שטיצט זיך ניט אויף געוואַלט (דיקטאַטור)".

מען האָט תּיכּף באַשטימט אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער געאָרגישער פראַגע און צונויפשטעלן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע. דאָ האָט זיך אויפגעהויבן דער דעלעגאַט גריגאָריעוויטש, אַ באַקאַנטער „קאָמוניסטן־פרעסער", און האָט פאַרלאַנגט, אַז אַזוי ווי ער איז פון רומעניען, אַ לאַנד, וועלכע איז אויך באַדראָט פון די „באַנדיטן", זאָל מען אים אויך אַריינגעמען אין דער קאָמיסיע.

צווישן אַלע דעלעגאַטן האָט זיך ניט געפונען קיין איינציקער, וועלכער זאָל פּראָטעסטירן קעגן דעם באַצייכענען די באָלשעוויקעס אַלס באַנדיטן. די צוויי רעוואָלוציאָנערע רעזאָלוציעס — די איינציקע חלוקים, מיט וועלכע דער נייער אינטערנאַציאָנאַל אונטערשיידט זיך פון דעם צווייטן, זיינען:

1) דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז אויך אַ פאָרם פון קלאַסנקאַמף.

2) דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף שטיין מיט געווער ביים פוס און גרייט זיין ווען ס'איז נייטיק, אויך מיט די וואַפן אין דער האַנט צו קעמפן.

אַזוי ווי די ענגלישע פאַרטרעטער האָבן בשום אופן ניט געוואָלט געבן זייער הסכמה צו דער ערשטער רעזאָלוציע, האָט מען אין דעם פּרט די איינצעלנע פּאַרטייען געלאָזן אַ פרייע האַנט.

אַז די צווייטע רעזאָלוציע זאָל ניט בלייבן מער אַ פּוסטע פראַזע האָט שוין געזאָרגט פרידריך אַדלער — דער, וועלכער האָט די רעזאָלוציע דורכגעפירט — מיט דעם, וואָס זיין פּאַרטיי האָט בעת דער קאָאַליציאָנס־רעגירונג געהאָלפן אַרויסנעמען די וואַפן פון די הענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט און זיי איבערגעבן צו די פּויערים און טיראָלער היימווערן.

איך מיין, אַז פון די אָנגעגעבענע פאַקטן איז קלאָר, אַז מען האָט דאָ ניט צו טאָן מיט אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר מיט אַ פיליאַלע פון דעם אָפּגעקראַכטן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, באַפּוצט מיט עטלאַכע רעוואָלוציאָנערע פראַזן.

# דאָס לעצטע ליבעס'ליד

פון מלך ראַוויטש

עס בויגן זיך די ביימער פון דער ליבע שוין,
נאָך זומערטעג, נאָך טעג פון שטורעם,
און אין די צייטיקע פּירות פרעסט דער וואָרעם,
פרעסט.

די ביימער בייגן זיך, עס פאַלט דאָס בלעטערוואַרג,
און אַנדערע טרוימען, אַנדערע באַגערן ווערן;
באַלד וועלן אויפגיין ווינטערדיקע, קאַלטע שטערן,
הויך.

וואָס ס'איז געווען, איז שוין פאַרגאַנגען און פאַרביי,
עס איז געוועזן שיין און האָט זיין ווייטן וועג גענומען,
שענער, ווייל עס וועט נישט קיינמאָל קומען,
מעהר — —

# טיילירִיאַן דער אַרמענישער פאָלקס-נוקם

פון פראָפ. א. חפץ

מיט איינינע חדשים צוריק איז אין מיטן העלן טאָג אויף איינע פון די באַלעבאַסטעשע גאַסן פון בערלין גע'הרג'עט געוואָרן דער געוועזענער טערקישער הערשער, אינערן מיניסטער, און שפּעטער גרויס־וויזיר, אין דער צייט פון קריג, טאַלאַאַט פאַשאַ. דער מערדער, אַ גאַנץ יונגער מאַן, אַן אַרמעניער, האָט ניט געפּרואווט צו אַנטלויפן; מיט דעם נאָך רויכערדיקן רעוואָלווער אין האַנט איז ער געבליבן שטיין און מיט אומעט געקוקט אויף זיין קרבן . . . ער האָט זיך רואיק געלאָזן שלאָגן פון דעם המון, וועלכער האָט געמיינט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ אידישן באָלשעוויק, ער האָט רואיק זיך געלאָזט אַרעסטירן פון דער פּאָליציי . . . רואיק איז ער אויך געוועזן די גאַנצע צייט פון אונטערזוכונג. מיט פולער זעלבסטבהערשונג, מיט טרויעריקע אויגן, אין וועלכע עס פלעגט זיך צייטנווייז ווייזן אַ פאַנאַטיש פייערל, איז ער געשטאַנען פאַר'ן געשוואָרענעם געריכט אין מאָאַביט (אַ פאָרשטאָט אין בערלין); דער זאַל איז געוועזן פול מיט אַרמעניער; דער פּראָצעס איז אָבער געוועזן ניט אַ פּראָצעס פון מערדער, טיילירִיאַן; ניין, ער, דער מערדער, איז געוועזן דער העלד, דער גרויסער פאָלקס־העלד; זיין קרבן, טאַלאַאַט, האָט פיגורירט אויפ'ן פּראָצעס אַלס איינער פון די גרעסטע מערדער אין דער מענשלאַכער געשיכטע, גלייך ווי קאַליגולאַ, נעראָן — און אין דער נייער צייט פּעטלוראַ און באַלאַכאָוויטש. טאַלאַאַט פאַשאַ האָט דיזעלביקע פּאָדינסטן פאַר'ן אַרמענישן פאָלק ווי פּעטלוראַ פאַר דעם אידישן . . .

די געשיכטע פונ'ם אַרמענישן פאָלק אין דער צייט פון דער לעצטער גרויסער מלחמה קאָן נאָך איר טראַגישקייט פאַרגלייכט ווערן מיט די טונקלסטע זייטן פון דער אידישער געשיכטע אין אוקראַינע.

מיט צען יאָר צוריק האָט דער יונג־טערקישער קאָמיטעט „פאַר איינהייט און פאָרשריט“ אויף זיין קאָנגרעס אין סאַלאָניקי פּראָקלאַמירט די „פולשטענדיקע אָסמאַניזירונג פון אַלע טערקישע אונטערטאַנען“ און האָט דערביי אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אַז אָט דער ציל קאָן דערגרייכט ווערן „דורך אָנווענדונג פון וואָפנגעוואַלט.“

די צייט דערצו איז געקומען, ווען עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט דער אַלוועלטלאַכער פייער. אין אָנפאַנג פון דער מלחמה האָט מען אין טערקיי, גלייך ווי אין אַנדערע לענדער, געוואָלט אינסצענירן, אַז אַלע פעלקער פון לאַנד, גלייך ווי אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, זיינען איינִיק אין דער פאַרטיידיגונג פון פאָטערלאַנד, אַז איין „הייליקער פאַרבאַנד“, איין „בורג־פרידן“ פאַראייניקט אַלץ און אַלעמען געגן דעם שונא. אין פעברואַר 1915 דערקלערט דער טערקישעס גענעראַליסימוס און קריגס־מיניסטער ענווער־פאַשאַ, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון קאַווקאַזער פראָנט, דעם קריסטלאַכן בישאָף פון קאָניאַ: „דורך אייגענע באַאָבאַכטונגען בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, און איך קען עס רואיק דערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די אַרמעניער דערפילן מיט גבורה זייער סאָלדאַטן־פליכט אויפ'ן פראָנט; איך בעט אייך איבערצוגעבן דעם אַרמענישן פאָלק מיין בעסטן דאַנק פאַר זייער איבערגעבנקייט צו דער קייזערלאַכער אָסמאַנישער רעגירונג.“ נאָך מער לויבט ער די אַרמעניער פאַר זייער פּאַטריאָרך, אָבער שוין דעמאָלט גיט ער צו די דראָאונג, „אַז ער וועט גענייטיקט זיין צו געברויכן דראַקאָנישע מיטלען, ווען אין די אַרמענישע צענטערן וועלן זיך באַווייזן אַפילו די קלענסטע אומרועז.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טערקישע מפּלות אויף דעם קאַווקאַזער פראָנט; איינער נאָך דעם צייטן זיינען איבערגעגאַנגען טערקישע שטעט און פעסטונגען אין רוסישע הענט; די טערקישע שלעכט־באַוואָפנטע, האַלב־נאַקעטע לעגיאָנען האָבן געמוזט אָפּטרעטן פאַר די פרישע, מער דיסציפּלינירטע און בעסער פאַר זיי באַוואָפנטע רוסישע חילות; די טערקישע רעגירונג האָט געמוזט געפינען דעם שולדיקן, כדי אויף זיין קאָפּ אָפּצולייטן דעם פאָלקס־צאָרן; זי האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט ווי איר געגנערין, די רוסישע רעגירונג. די לעצטע האָט נאָך אירע מפּלות אויף דעם דייטשן פראָנט אַרויסגעלאָזן דעם לאָזונג: „די זשידעס זיינען אין אַלץ שולדיק — נידער מיט די זשידעס“ — און עס האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פון אידישע אַרויסטרייבונגען פון גאַנצע געגענטן און גובערניעס און זייער אַוועקשיקונג נאָך סיביר.

די טערקישע רעגירונג האָט געהאַט איר פּאַרטיקן שולדיקן, און דאָס איז געוועזן דאָס אַרמענישע פאָלק; כדי צו באַשולדיקן דאָס גאַנצע פאָלק, האָט די טערקישע רעגירונג געדאַרפט האָבן אירגנד וועלכע באַווייזן (נאָכפאָלגן דעם פּרימיטיוון ביישפּיל פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דעם רוסישן, וועלכער האָט סתם דערקלערט דאָס אידישע פאָלק פאַר שפּיאָנען, אָן אירגנד וועלכן גרונד, האָט די טערקישע רעגירונג ניט געוואַגט); אַזוי ווי זיי זיינען ניט געוועזן, האָט מען זיי געדאַרפט שאַפן — דערצו איז דאָ אַן אַלטער מיטל, און ער הייסט: פּראָוואָקאַציע.

דער דורכפירער פון דער פּראָוואָקאַציע איז געוועזן דעם גענעראַליסימוס ענווער פאַשאַס שוואָגער, דיעוועט, דער וואַלי פון וואַן. „מיר מוזן דאָ פטור ווערן פון די אַרמעניער“, האָט ער זיך געאויסערט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירטע, דורך דער טערקישער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע, פּאָגראָמען אויף איינצעלנע אַרמעניער און אויף גאַנצע גרופּן, הריגות פון פאַרשטעקטע ערטער, וואו די שולדיקע זיינען ניט געפונען געוואָרן; אויסערדעם, האָט דער וואַלי גענומען אַרעסטירן אַלע אָנגעזעענע אַרמעניער אַלס זאַלאָזשניקעס.

די אַרמענישע באַפעלקערונג איז אַרויס פון געדולד; געגן איר ווילן איז זי געגאַנגען אויף דער פּראָוואָקאַציע — זי האָט זיך באַוואָפנט און האָט געלייסטעט ווידערשטאַנד, וועלכער האָט געדויערט ביז וואַנען די רוסן זיינען אַריין אין שטאָט. אין גאַנצן זיינען אין קאַמף צווישן די אַרמעניער און טערקן געפאַלן 18 טערקן. דאָס איז דאָך פאַר דער טערקישער רעגירונג ניט וויכטיק; עס איז דאָ אַ גרונד פאַר אָננעמונג פון דראַקאָנישע מיטלען; אויס די 18 געהרג'עטע טערקן זיינען געוואָרן ווייסט איר וויפיל, — איר וועט ניט טרעפן: הונדערט אַכציק טויזנט! (די פּאַטריאָטישע פּרעסע האָט דאָך נולן ווי פיל איר האַרץ פאַרלאַנגט); דאָס גאַנצע אַרמענישע פאָלק, וואָס איז נאָך ניט לאַנג אָפיציעל דערקלערט געוואָרן אַלס פּאַטריאָטיש איבערגעבן דער קייזערלאַך אָסמאַנישער רעגירונג, איז מיט אַמאָל פאַררעכנט געוואָרן אַלס פאַררעטער און פיינט פון דער טערקישער מלוכה. די אָפיציעלע קרייזן האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צום אינערן פיינט, צו דער גאַנצער אַרמענישער באַפעלקערונג. אין זומער 1915 דערקלערט טאַלאַאַט ביי, דער מיניסטער פון אינערן, צו אַ באַאַמטן פון דער קייזערלאַכער דייטשער באָטשאַפט גאַנץ אָפנהערציק: „מיר, טערקן, מוזן און ווילן אויסנוצן דעם וועלט־קריג, כדי מיט אונזערע אינערע פיינט גרינדלאַך אָפּצורעכענען זיך, אום ניט געשטערט צו ווערן דורך דער אויסלענדישער דיפּלאָמאַטיע.

מען האָט זיך מערדעריש גענומען פאַר דער אַרבעט אויסצוראָטן דאָס אַרמענישע פאָלק; אַלס רעזולטאַט זיינען איבער אַ מיליאָן פיר הונדערט טויזנט אַרמעניער, צווישן זיי מענער, פרויען, זייג־קינדער און אַלטע לייט, אין גרויסער קוואַל פאַרמאַטערט געוואָרן צום טויט.

אין צענטער פון דער טראַגעדיע, אַלס איר הויפּט־שולדיקער, שטייט טאַלאַאַט פאַשאַ, דער אינערן מיניסטער.

אַן אַרמענישער שרייבער, אַראַם אַנדאָניאַן, וועלכער איז אין 1915 צוזאַמען מיט אַלע אַרמענישע אינטעליגענטן־קינסטלער, געלערנטע, גלחים, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אַרויסגעשיקט געוואָרן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און פאַרשיקט געוואָרן אין דעם ווייטן מדבר, און וועלכן עס איז געלונגען צו אַנטלויפן, האָט פּובליצירט אַ בינטל אָפיציעלע טעלעגראַמען וועגן דער אַרמענישער שחיטה, אין זיין בוך „אָפיציעלע דאָקומענטן וועגן דער אַרמענישער שפּיטה“.

אין טאַלאַאַט פאַשאַס לעבן האָבן טעלעגראַמען געשפּילט

א באזונדערע ראָלע: א טעלעגראמע האָט דעם קליינעם טעלעגראפן־אָנגעשטעלטן, טאלאאט, געמאכט פאר א מיניסטער און פאשא; עס איז געווען אין די צייטן פון אבדול־האמיד, ווען די יונג־טערקן האָבן געמאכט זייערע פארשווערונגען געגן דעם אלטן טערקישן רעזשים; טאלאאט, א קליין מענשעלע, א יונגער טעלעגראפן־אָנגעשטעלטער, האָט סימפאטיזירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. מיט אמאָל פאלט אין זיינע הענט אריין אן אָפיציעלע טעלעגראמע, לויט וועלכער אלע יונג־טערקישע פירער האָבן געדארפט ארעסטירט ווערן, ווייל די רעגירונג האָט ענטדעקט זייערע קאָנספיראציעס; טאלאאט פארהאלט די דעפעשע, גיט זי איבער אין די הענט פון די פארשווערער און גיט זיי אן עצה מוטיק און אנטשלאָסן צו האנדלען. די פארשווערונג געלינגט, די פאָליטישע מאכט גייט איבער אין די הענט פון די יונג־טערקן, און טאלאאט קריגט אלס פארדינסט א מיניסטער־פאָרטפעל.

א בינטל אָפיציעלע טעלעגראמען, וועלכע טאלאאט האָט פאנאנדערגעשיקט אלס מיניסטער, און וועלכע ער האָט ניט געפונען אפילו פאר נייטיק צו פארניכטן, אזוי פעסט און זיכער האָט ער זיך געפילט, האָט אים געקאָסט דאָס לעבן. איינינגע וויכטיקע טעלעגראמען, פון אנדראניאנס בוך, וויל איך ציטירן; די טעלעגראמען זיינען געווענדט צו די וואלים (גובערנאטאָרן און אנדערע וויכטיקע פערזאָנען; זיי זיינען אונטערגעשריבן פון אינערן־מיניסטער טאלאאט.

„עס ווערט דערמיט דערקלערט, אז דאָס רעכט פון די ארמעניער צו לעבן און צו ארבעטן אויף דער טערקישער טעריטאָריע ווערט אינגאנצן אויפגעהויבן. די רעגירונג, וועלכע פאסט אויף פאר דער פאראָרדנונג, האָט באפוילן אפילו ניט צו לאָזן קינדער אין די וויגן; אלע — אויך פרויען, קינדער, באוועגונגס־אומפעאיקע קראנקע, מוזען ארויסגעשיקט ווערן אין מדבר. מען דארף אָננעמען פאר די ארמעניער אלע הארטע מיטלען, אלע פייניגונגס־מיטלען מוזען אונטערוועגס אָנגענומען ווערן, כדי צו מאכן א סוף פון די ארויסגעשיקטע. מען מוז אָנווייזן אלע באאמטע, אז זיי טראָגן קיין פאראנטוואָרטלאכקייט פאר דער דערפילונג פון דעם באפעל (סעפטעמבער 9, 1915). „מיר הערן, אז איינצעלנע באאמטע זיינען געשטעלט געוואָרן פאר'ן קריגס־געריכט פאר זייערע מעשים געגן די ארמעניער. דאָס איז נאָר אן אָנשטעל; אָבער עס קאָן ווירקן אויף דער טעטיקייט פון אנדערע באאמטע; דערפאר פארבאָט איך אויף ווייטער דאָס איבערגעבן צום געריכט" (סעפטעמבער 1915). „מיר באשטעטיקן נאָכאמאָל, אז אויף דעם באפעל פון דזשעמיעט (יונג־טערקישער קאָמיטעט פאר איינהייט און פאָרשריט) האָט די רעגירונג באשלאָסן אלע ארמעניער, וועלכע לעבן אויף דער טערקישער טעריטאָריע, ענדגילטיק אויסצוראָטן. ניט שאנעוודיק פרויען, קינדער, קראנקע, ניט צוהערענדיק זיך צו דער שטימע פון געוויסן, מוז מען פארניכטן דאָס דאָזיקע פאָלק, ניט לאָזנדיק פון אים קיין שריד ופליט, ווי טראגיש די פארניכטונגס־מיטלען זאָלן ניט זיין. באאמטע, וואָס קענען דעם באפעל ניט אויספירן, טויגן ניט פאר דער רעגירונגס־דינסט." „מיר הערן, אז מענער פון נידעריקן פאָלק, אזוי אויך ווי באאמטע, האָבן חתונה מיט ארמענישע פרויען; דערמיט ווערט עס דערקלערט אלס שטרענג פארבאָטן. אזעלכע פרויען דארפן גלייך געשידן ווערן פון זייערע מענער און פארשלעפט ווערן אין מדבר. יתומים־הייזער פאר ארמענישע קינדער טאָרן ניט געעפנט ווערן — איצט איז ניט קיין צייט פאר סענטימענטאליטעט; דאָס לעבן פון ארמענישע קינדער טאָר ניט פארלענגערט ווערן — אין מדבר מוזן זיי געשיקט ווערן! מיר דערווארטן א באריכט" (סעפטעמבער 1915). „אליץ וואָס דער המון טוט ניט אָן אונטערוועגס די ארמענישע פליכטלינגע דינט אונזערע צילן — דעריבער איז פאר דעם המון אליץ אין דיזער הינזיכט דערלויבט; דאָס מוז דערקלערט ווערן די באאמטע אין די ראיאָנען צאָר און אורפא" (אָקטאָבער 1915). מיר הערן, אז קינדער פון פארשיקטע ארמעניער זיינען נאָך דעם טויט פון זייערע עלטערן, אלס הילפלאָזע יתומים פון מוסולמאנער משפחות, אדאָפּטירט געוואָרן, אָדער אויפגענומען אלס דינער. אזעלכע קינדער מוזן אויפגעזוכט ווערן און פארשיקט ווערן, ווי זייערע פארשטאָרבענע עלטערן; דעם פאָלק מוז אָנגעוויזן ווערן, אז אזעלכעס דארף ניט און טאָר ניט פאָרקומען." „די פון דער אמעריקאנישער באטשאפט צו אונז געווענדטע אָנפראגע באווייזט אונז, אז די אמעריקאנישע קאָנסולן פארשאפן זיך אין געהיים נאכריכטן איבער דער ארמעניער פראגע; אזוי ווי אונזער ענטפער, אז די פארשיקונג פון ארמעניער ווערט דערפילט אין גוטע פאָרמען און אָן לעבנס־געפאר איז ניט גענוג, און עס איז פאר אונז פאָליטיש זייער וויכטיק צו באווייזן די אמעריקאנער, אז די ארויסשיקונג באדייט פאר די ארמעניער נאָר דאָס אומבייטן פון וואוינונגס־אָרט; דערום זעט, אז די אָנווענדונג פון די געוויינלאכע מיטלען זאָל נאָר פאָרקומען אין פאסנדע שטעלען, וואו קיין פרעמדע אויגן זיינען ניטאָ" (די געוויינלאכע מיטלען זיין געווען: פאלטערונג, שענדונג, הונגער־טויט, מאָרד). „אין די מזרח־פראָווינצן דארף יעדער דערגרייכבארער ארמעניער אין דער שטיל געטייט ווערן" (נאָוועמבער 1915). „טעלעגראמען, אין וועלכע ארמעניער באקלאָגן זיך פאר דער טערקישער רעגירונג איבער דעם וואָס זיי האָבן אויסצושטיין — קאָן מען רואיק אָננעמען; אונטערזוכונגען אויפ'ן גרונד פון אזעלכע טעלעגראמען זיינען אן אומזיסטיקער צייט־פארלוסט". „קאָרעספּאָנדענטן פון ארמענישע צייטונגען האָבן זיך פארשאפט שריפטלאכע און פאָטאָגראפישע פאקטן פון טראגישע געשעענישן, וועלכע זיי גיבן איבער אין געהיים די אמעריקאנישע קאָנסולן; אזעלכע מענשן דארפן ארעסטירט און באזייטיקט ווערן" (דעצעמבער 1915). „די ווייבער פון די ארמענישע ארבעטער, וועלכע זיינען נאָך באשעפטיקט ביי דעם אייזנבאן־בוי, דארפן גלייך פארשיקט ווערן; מען קאָן זיי איינרעדן, אז זייערע מענער וועלן זיי נאָכקומען." „אין מאנכע יתומים־הייזער ווערן, לויט באריכטן, וועלכע מיר באקומען, נאָך ארמעניער קינדער אויפגענומען. אזוי ווי די רעגירונג באטראכט פאר שעדלאך דאָס לעבן פון די דאָזיקע קינדער, איז יעדער מיטלייד פאר זיי, יעדע פראָבע זיי ביים לעבן אויפצוהאלטן, א פארברעכן געגן דעם קלאָר אויסגעדריקטן ווילן פון דער רעגירונג . . . אלע פליכטלינגע דארפן פארשיקט ווערן אין דער מדבר סיוואס (יאנואר 1916).

אין איינצעלנע קריגס־לאגערן עטאפן זיינען דאָך צוגעלאָזן געוואָרן ארמענישע יתומים; מען פלעגט זיי געבן א קליינעם מאיז־ברויטל א טאָג און איינמאָל א וואָך הייסע וואסער־זופּ. די מערדער פון ארמענישן פאָלק איז דאָס אויך צופיל. די טעלעגראמע פון 7־טן מערץ 1916, שטיצנדיק זיך אויף דעם באפעל פון קריגס־מיניסטער ענווער־פאשא, פאראָרדנט, אז אלע אזעלכע יתומים דארפן דורך די עטאפּ־קאָמאנדעס צוזאמענגעקליבן ווערן און אוים דער וועלט געשאפן ווערן."

אזוי זיינען געווען די געהיימע טעלעגראמען פון אינערן־מיניסטער טאלאאט פאשא.

אויף דעם מענשלאכן לשון זיינען ניטאָ קיין ווערטער איבערצוגעבן דאָס, וואָס דאָס ארמענישע פאָלק האָט געהאט אויסצושטיין אויפ'ן גרונד פון די דאָזיקע פאראָרדנונגען. ווען מען לעזט די אלע באשרייבונגען, ווען מען בלעטערט נאָר אפילו אדורך די צוויי ביכער פון דאָקטער לעפסיוס („דער טויטגאנג פון ארמענישן פאָלק" און „דייטשלאנד און ארמעניען"), שטייען פאר אונזערע אויגן אויף דיזעלביקע סצענען פון פאָלקס־פארניכטונג, וועלכע אונזער פאָלק האָט געהאט דורכצוליידן אין אוקראינע. מיט דערזעלביקער גלייכגילטיקייט און קאלטבלוטיקייט, ווי די ראבדאָוואָלצעס און באנדיטן אין אוקראינע, פלעגן גיין פון הויז צו הויז און פארטיליקן די אידישע איינוואוינער פון דער אָדער יענער שטאָט און דאָרף, מיט דער אויסגערעכנטקייט, מיט וועלכער מען פלעגט אָנגרייטן אויפ'ן בית־עולם קברים פאר דער אידישער באפעלקערונג, און נאָכדעם פארוואנדלען די לעבעדיקע באפעלקערונג אין מתים, מיט וועלכע מען פלעגט אָנפילן די קברים, האָבן אויך געהאנדלט די טערקישע באנדיטן אויפן באפעל פון אויסערן־מיניסטער טאלאאט, וועלכער האָט אין דעם פאל אויסגעדריקט דעם ווילן פון דער גאנצער טערקישער רעגירונג.

פאר דעם ארמענישן פאָלק האָ טאלאאט געקראָגן דעם פארדינסט פון א פאָלקס־מערדער; ער איז געווען פארשאָלטן פון בלוט און טרערן פון איבער א מיליאָן קרבנות, וועלכע האָבן אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן גערופן צו נקמה.

צווישן די ארמענישע קרבנות איז אויך געווען די משפחה טייליריאן, באשטייענדיק פון עלטערן, 3 ברידער און 2 שוועסטער, מיידלאך, כמעט קינדער פון 15 און 16 יאָר. די גאנצע פאמיליע, אויסער איינעם, איז אונטערגעגאנגען אין זייער טראגישע אומשטענדן. דער יונגסטער זון זעט ווי מ'הרג'עט זיין פאָטער, מוטער און צוויי ברידער; ביידע שוועסטער ווערן געשענדעט און פארמוטשעט אויפ'ן שרעקלאכסטן אופן; אין אים אליין שיסט מען, און מען לאָזט אים ליגן אין דער מדבר, ווייל

# אַפּגעטאָן אַ שפּיצל

(אַ וואקאציע אידיליע)

פון י. קיסין

צילה איז געזעסן אויף דער וועראנדע פון אַ נייעם, קליינעם האָטעל אין די בערג און האָט געקוקט פאַר זיך אין וואַלד, אויף דער אַזיערע און אויפ'ן „סטייט־ראָוד“, איבער וועלכן עס האָבן פון צייט צו צייט זיך דורכגעטראָגן אויטאָמאָבילן. אויף די קני ביי איר איז געלעגן אַן אָפּענער ענגלישער ראָמאַן מיט'ן רוקן ארויף. זי האָט זיך לאַנגזאַם געשאָקלט אין שטרויענעם וויג־שטול, די לינקע האַנט אונטערגעשפּאַרט אונטער'ן קאָפּ און די רעכטע אויסגעצויגן אויף די קני.

דער מאָרגן איז היינט געווען עפּעס אַזאַ ניט געראָטענער,— פאַרשלאָפן און פאַרוויינט,—און האָט אינגאַנצן האַרמאָנירט מיט צלה'ס געמיטס־צושטאַנד. צום טויזנטסטן מאָל האָט זי גענומען איבערקלערן און דערמאָנען זיך אַלע קלענסטע איינצל־הייטן פון אירע באַגעגענישן מיט דעם אַפּטייקער און דעם קופּער־יוניאָן סטודענט. דאָס איז אַלץ אַזוי שנעל פאָרגעקומען, אין צייט פון אַ פּאָר וואָכן. דער אַפּטייקער איז איר געווען געפעלן, זיי זיינען שוין געווען גאָר גרויסע פריינד, און זי האָט זיך שוין, דוכט זיך, גאָר צוגעוואוינט צו אים. איז פּלוצלונג פון ערגעץ אָנגעקומען דער קופּער־יוניאָן סטודענט, האָט אינ־גאַנצן צעמישט אירע געפילן און געדאַנקען, האָט פאַרטריבן דעם שווערלאַכן און אביסל אייפערזיכטיקן אַפּטייקער און' איז אַליין אויך פאַרשוואונדן. און צילה, די פינף־און־צוואַנציק־יאָריקע, אביסל אומעטיקע און פאַרבענקטע, איז ווידער געבליבן אַליין. ווער ווייס, אויב ניט אויף אייביק איצט?

אַ האַלב־קראַנקע, אַ צעבראָכענע האָט זי געמוזט נעמען אַ פּאָר וואָכן אורלויב אין אַנשטאַלט, וואו זי האָט געאַרבעט, און איז געקומען אַהער מיט דער האָפנונג זיך אויסצורוען דאָ און—פאַרגעסן.

מיט אַ שווערן געמיט איז זי אַהער אָנגעקומען. דער האָטעל איז געווען אַ נייער, אַלע געסט זיינען געווען קרובים און פריינד פון דעם בעל־הבית, פּונקט ווי זי אַליין, קיין צו־טומלדיקע עלעמענטן זיינען דאָ ניט געווען. און צילה האָט גע־בעטן און באַקומען דעם באַקוועמסטן צימער אין הויז. אָבער זי האָט זיך באַלד ארומגעזען, אַז אירע אויסרעכענונגען און האָפנונגען אויף רו זיינען געווען פאַלשע, און אומזיסט איז זי גאָר אַהער געפאָרן. שוין דעם ערשטן טאָג האָט זי זיך באַקענט מיט יענע געסט, וועמען זי האָט פון פריער ניט געקענט, און האָט זיך באַלד אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. זיך פאַרטיפט אין זיך.

לייענען האָט זי עפּעס ניט געקאָנט. און צו שיין איז דאָ געווען פון אַלע זייטן אין וואַלד צווישן די בערג, אַז אַ מענש זאָל קאָנען אַוועקנעמען די אויגן פון דער באַרואיקנדיקער גרינ־קייט ארום און זיי אריינגראָבן אין אַ קליינעם בוך. **פלעגט זי אומגיין ארום הויז און אויפ'ן וועג אין וואַלד אַ פאַרטיפטע אין אַלץ דיזעלביגע געדאַנקען און ערינערונגען, האָט זיך אין זיי** געגריבלט אָן אויפהער.

אָט די געדאַנקען און ערינערונגען האָבן זי אַוועקגעטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער ביז צו איר קינדהייט. פרייד איז אין זיי געווען ניט פיל, געציילטע שעה'ן, אָבער דאָך געווען.

די, וואָס האָבן צילה'ן געקענט, האָבן געוואוסט, אַז אונטער איר אויסערלאַכער רואיקייט, כמעט פלעגמאַטישקייט, האָט שטענדיק געפלאָסן אַן אונטערשטראָם פון שטילער, טיפער פרייד, געמישט מיט אַ וויכן אומעט. און זיי איז ליב געווען צילה'ס „עלעגישער געמיט“.

איר גאַנץ לעבן האָט זיך ניט איינגעגעבן, פּונקט ווי היינ־טיקער מאָרגן. זי האָט זיך געלערנט און האָט דאָס געוואָרפן, געאַרבעט אין אַלערליי פאַבריקן. און איצט אַרבעט זי אין אַ וואוילטעטיקן אַנשטאַלט, אָבער זי טוט אַן אַרבעט, צו וועלכער זי פילט ניט דעם מינדסטן באַרוף און אינטערעס, כאָטש זי אַרבעט פלייסיק און געוויסנהאַפטיק.

און מיט מענשן איז זי זייער צוריקגעהאַלטן. אַמאָל פלעגט איר גאָר זיין שווער מיט זיי. זי האָט ניט ליב געהאַט גרויסע געזעלשאַפטן. זי האָט געוואוסט, אַז די בעסטע מענשן זיינען נאָך צו דערליידן באַזונדער, אָבער קומען זיי זיך צונויף צוויי־דריי צוזאַמען, ווערט פון זיי עפּעס איין גרויסער גראָבער גוף אָן אַ קאָפּ און אָן אַ האַרץ. האָט זי מורא געהאַט פאַר זיי און אָפט געביטן איר געזעלשאַפט.

איר איז אָבער סוף כל סוף דערעסן געוואָרן איר איינזאַמ־קייט, איר אומעט און דער „עלעגישער געמיט“ אירער, פון וועלכן די בחורים ארום האָבן זיך גאָר ניט געקאָנט אָפּלויבן. זי איז געווען אַ הויכלאַכע, מיט לאַנגזאַמע, גראַציעזע באַווע־גונגען, מיט בלייכע באַקן און גרויסע גרויע אויגן. אַ קלוגע און אַ גוטע, — אַזוי האָבן זי אַטעסטירט די ארומיקע.

אַזוי וואָלט זי געזעסן אייביק און געקלערט.

איר איז מיטאַמאָל געוואָרן אומדערטרעגלאַך שווער. זי האָט אַ קוק געטאָן אין אַ זייט און האָט באַמערקט, אַז פון דער ווייטן דערנענטערט זיך צום הויז אַ הויכע פיגור אין אַ פּאַר־צייטיקן ברייטן, רונדן מאַטראָזן־הוט. די פיגור איז געווען ענלאַך צו אַ גרויסן גייענדיקן שוואָם. דאָס איז קלאַרא. צילה איז האַסטיק אריין אין הויז.

אין עסצימער זיינען געזעסן כמעט אַלע געסט, — אַ סך יונגע־לייט און עטלאַכע עלטערע מענשן: דער משכיל קאָהען,

---

מען האַלט אים פאַר טויט . . . אויף אַ וואונדערלאַכן אופן גע־לינגט אים זיך צו־ראַטעווען . . . ער אַנטלויפט פון טערקיי, קלייבט זיך איבער אין דייטשלאַנד, וואו ער באַשעפטיקט זיך מיט טעכנישער שטודיום . . . דער גורל פון זיין משפחה לאָזט אים ניט לעבן רואיק, ער איז פאַר'סמ'ט דורך זיינע טראַגישע לעבנס־איינדרוקן, און גאַרנישט אין לעבן קאָן געזונט מאַכן זיין פאַר'סמ'טע נשמה; פיזיש איז ער אויך געבליבן אַ קאַלעקע.

איין טאָג גייענדיק איבער בערלין, הערט דער יונגער טיי־ליריאַן הינטער זיך רעדן טערקיש. אומווילקירלאַך קוקט ער זי אום און זעט דריי הערן. אין מיט'ן, אַן עלעגאַנטער הער, ווערט פון זיינע שכנים אָנגערופן מיט טיטל „פּאַשאַ“. נאָכ'ן בילד, וועלכער איז גוט באַקאַנט געווען אַלע אַרמעניער, אַלס זייער נאַציאָנאַל־מערדער, דערקענט ער אין אים „טאַלאַאַטן“. טיילירִיאַן לאָזט זיי דורך, פאָלגט זיי נאָך ביז טאַלאַאַטס וואוי־נונגס, און פאַר אים איז קלאָר וואָס ער האָט צו טאָן. דער פאָלקס־מערדער און דער מערדער פון זיין משפחה וועט ניט לעבן . . . קיינע ספקות, קיין איבערלעגונג; זיין פאַר'סמ'טע נשמה ווייס ניט קיין שוואַנקונגען — זי איז אינגאַנצן פעסט און אַנטשלאָסן.

טיילירִיאַן שפּירט נאָך טאַלאַאַטן — און אין מיטן העלן טאָג מאַכט ער אַ סוף צו זיין לעבן דורך עטלאַכע רעוואָלווער־שאָסן.

דער משפּט איבער טיילירִיאַן האָט געדויערט צוויי טעג — גע'משפט האָט מען ניט אים, נאָר זיין קרבן, דעם בלוטיקן טאַ־לאַאַט. די געשוואָרענע האָבן זיך כמעט ניט מישב געווען. זיי האָבן ארויסגעטראָגן טיילירִיאַנען אַ באַפרייאונגס־ווערדיקט. די בערלינער אַרמענישע קאָלאָניע האָט געפייערט טיילירִיאַנס באַפרייאונג; ער איז פאַר זיי אַ נאַציאָנאַלער העלד. יאָ, אים איז באַשערט ביים לעבן צו קריגן די לאָרבערקראַנץ פון אַ פאָלקס־העלד. דאָך איז אויך אין דעם פאַל ריכטיק היינעס ווערטער: „אום אים ליעד אייביג צו לעבען, מוז מען אים לעבען אונטערגעהן.“

נאָך די שרעקן פון מדבר און נאָך זיינע טראַגישע איבער־לעבונגען, וועלכע ער האָט געהאַט אויסצושטיין, איז פאַר דעם אומגליקלאַכן ניט מעגלאַך קיין לעבנס־פרייד און לעבנס־באַ־פרידיגונג.

טאַלאַאַט האָט ניט נאָר געטייט טיילירִיאַנס פאָלק און [illegible] האָט אויך פאַר'סמ'ט אויף טויט זיין נשמה.

אין ברילן, א הויכלאכער, מיט באָרד און האָר האלב בלאָנד, האלב גרוי; דער נידעריקער אייזענבערג, א פרומער איד מיט א שווארצער באָרד און אויך אין ברילן,—ער האָט געהאנדלט מיט גראמאָפאָנען ערגעץ אין בראָנזוויל; עטלאכע אידענעס.

די יונגוואַרג איז געווען זייער פארשידנארטיק: אלערליי יונגע ארבעטער, „ארויפגעארבעטע“, מענשן מיט געשעפטן און מענשן אָרימע, — א פריילאכע חברה.

— אָט איז צילה, — האָט געזאָגט טראכטענבערג, א הויכער, ביינערדיקער בחור. — וואָס באהאלט איר זיך אלץ פון אונז?

— געסט קומען, דוכט זיך, צו אונז, — האָט צילה געזאָגט, זעצנדיק זיך צום טיש, וואו מען האָט געטרונקען הייסע מילך.

— אזוי פרי? — האָט טראכטענבערג זיך געוואונדערט.— העי, מאָריס, וואָס טוסטו דאָרט אויבן? קום אראָפ, דו פוילענצער, פרישטיק! האָסט שוין אָפגעגאָסן נעגל־וואסער?

אייזענבערג האָט זיך נערוועז א דריי געטאָן אויפ'ן שטול און פאררויכערט א פאפיראָס.

— באלד קום איך אראָפ, — האָט זיך דערהערט פון אויבן איבער די טרעפ.

— ווי קומט דאָס, טראכטענבערג, וואָס איר זייט היינט אזוי פרי אויפגעשטאנען?

— פרעגט שוין ניט, ראָזמארין, מיר האָבן געהאט צו זינגען און צו זאָגן. אויפגעכאפט האָבן מיר זיך, איך און מאָריס, אפשר א זייגער פינף פון א שרעקלאכן גערויש אויף דער אנדערער זייט פון אונזער וואנט. מיר האָט זיך גע'חלומ'ט, אז דאָס הויז ברענט, און פייערלעשונגס־מאשינען לויפן פון אלע זייטן, פון די ווייטסטע ערטער, אפילו פון ניו־יאָרק, און קאָנען ניט איינלעשן די שרפה . . .

— אָבער מיין קאָפ זאָל לעבן, — האָט זיך אריינגעמישט מאָריס, אראָפקומענדיק פון די טרעפ. — איך האָב זיך באלד געכאפט, אז דאָס קלינגט עפעס אין צימער פון מינקען, דעם בעל־הבית'ס טעכטערל. שטעלט זיך פאָר, מען האָט אָנגעשטעלט דעם גרויסן וועק־זייגער, ער זאָל קלינגען און צעשטערן אונז אונזער אין־דער־פריעדיקן שלאָף . . .

— די טיר איז געווען אָפן, — האָט אים טראכטענבערג איבערגעשלאָגן. — מיר זיינען אריינגעלאָפן אהין ניט־טויט, ניט לעבעדיק, און האָבן די ערשטע זאך דערשטיקט דעם פארשאָלטענעם וועק־זייגער, פארשטאָפט אים דאָס מויל. אונזער שכנה דאָ, ברכה, זאָל לעבן, וואָס רעדט לשון־הרע און סתם נבול־פה, האָט דאָך א גיפטיק צינגל, וואָס שמ'ט אין די בערג, אָבער צו אזא מויל קומט דאָס ניט. ווי טויזנט גלעקער און א מיליאָן רעדער האָט ער אונז געקלונגען און געזשומט אין די אויערן. און אז מיר זיינען פארטיק געוואָרן מיט דעם מחבל, האָבן מיר דערזען און דערהערט לעבן אים מינקעס טאנצנדיקן אפריקאנערל. ער האָט געדזשיגעט אויף וואָס די וועלט שטייט, געוואָרפן מיט די פיסלאך און הענטלאך . . .

— צוויי מאָל האָט ער זיך ארויסגעריסן פון מיינע הענט, געשעדיקט זאָל ער ווערן, האָט מיר אזש די נאָז צעקראצט. א שטארקע מאשינקע. אָבער ווער האָט דאָס אים אָנגעדרייט? עמיצער האָט דאָך אים געמוזט אָנציען.

— מסתמא אונזערע קליינע ווייסע חברה. מינקע איז דאָך גאָר אין הויז ניטאָ. וואָס פארשטייסטו ניט, דיזעלביקע הענט, וואָס האָבן אָנגעשטעלט דעם זייגער, האָבן אויך אָנגעדרייט דעם טאנצעדיקן „קון“.

— איך האָב דאָס אייך אָפגעטאָן! — האָט זיך אָנגערופן פון דער שוועל פון א זייטיגער טיר מירמעלשטיין, דער לץ פון דער גאנצער געגנט ארום. — און קוקט אויף מיר, ווי געפעל איך אייך עפעס?

ער איז געווען אינגאנצן א קאָפיע פון דעם טאנצנדיקן נעגערל. דאָס פנים אויסגעשמירט אין סאזשע, אין לאנגע שמאָלע ים־בלויע הויזן און א טאָקסידאָ און א הויכן צילינדער און עפעס א רויטן טוך אויפ'ן האלז.

— קרעפלאך זאָלט איר עסן! — האָט טראכטענבערג געלאכט. — אָבער מער זאָלט איר אזא זאך ניט טאָן. גיט נאָר א קוק אויף אים!

מירמעלשטיין האָט שוין געוואָלט זיך אוועקלאָזן אין א דזשיג, האָט ער אָבער דערזען קלאראן אין טיר און האָט זיך אָפגעשטעלט.

— אהא, דאָס ברענגט איר מיר א גרוס פון אייער האָטעל, קלארא. וואָס הערט זיך דאָרטן, מען גרייט זיך צום מאסקארא?

— איך האָב ליב מענצן, וואָש זשיינען ערנשט, — האָט קלארא אים אריינגעזאָגט און האָט זיך אָפגעקערט פון אים דעמאָנכטראטיוו. די אויגן אירע פון אונטער די ברילן אין אן אלומינום־ראם האָבן שארף א בליץ געטאָן.

— געכאפט א פסק, — האָט מירמעלשטיין זיך ניט איינגעשטילט, — דאָס איז מיין ערשטער ארויספאָר. א שלעכטער סימן. און דער וועטער וועט, דוכט מיר, אויך זיין א שלעכטער, עס וועט נאָך אפשר זיין א שטורם.

— דאָש האָב איך ליב, — האָט זיך פלוצלונג אָנגערופן קלארא. — איר ווייסט ווי גאָרקי האָט געזשאָגט: זשאָל סטארקער אויסברעכן דער סטורם! — האָט זי געענדיקט פאטעטיש, אויפהויבנדיק א האנט.

— אויב אזוי, איז דאָך גוט, — איז מירמעלשטיין געוואָרן א לעבעדיקער, — טאָ קומט מיט מיר. מיר וועלן אויפ'ן וועג זיך דורכשמועסן אביסל וועגן סטורם.

— לאָזט צורו קלאראן, — האָט געזאָגט צילה, וואָס האָט ניט געקאָנט פארטראָגן, ווי מען לאכט אָפ אין איר אנוועזנהייט פון א פאָרשטייערין פון איר געשלעכט. — קומט, קלארא, זעצט זיך צו אונז. און איר, מירמעלשטיין, ווי אזוי וועט איר דאָס גיין אזוי איבער'ן דאָרף? מען וועט דאָך אייך נאָכלויפן!

— ס'מאכט נישט. זאָלן ז י י בעסער נאָכלויפן מ י ר, איידער איך זיי! — האָט מירמעלשטיין געענטפערט, צווינקנדיק שעלמיש מיט'ן רעכטן אויג. ער האָט ארויפגעלייגט די האנט אויפ'ן הארצן, זיך טיף פארנייגט און איז ארויס. באלד האָט ער זיך אומגעקערט:

— איר זייט דאָך ניט בייז אויף מיר, קלארא? אָ, קלארא ווערט קיינמאָל ניט בייז, — האָט ער געענדיקט און איז ווידער ארויס.

קלארא האָט זיך געזעצט לעבן אייזענבערגן, אנטקעגן צילה'ן און ראָזמארינען. אייזענבערג האָט אויפגעהויבן דעם קאָפ פון א צייטונג און האָט זיך געווענדט צו קאָהענען:

— איר ווייסט, ר' וואָלף, איך לייען דאָ אין בלאט, אז אונזערע בערג דאָ זיינען זייער הויכע.

— בערג האָב איך ליב, — האָט קלארא זיך אריינגעמישט.

— דער גרוישער רוסישער סרייבער . . .

אייזענבערג האָט איבער די ברילן א קוק געטאָן אויף איר, האָט באלד אראָפגעלאָזן דעם קאָפ און גענומען האסטיק מאכן מיט די הענט:

— גאָרקי, גאָרקי, איך ווייס, ווי דען?

— דאָש האָב איך געוואָלט דערטשיילן . . .

— גאָרקי, איך ווייס, מען שפילט דאָך אים ביי אונז אין טעאטער.

— קלארא, איר ווילט אפשר א גלאָז הייסע מילך? — האָט פאָרגעשלאָגן ראָזמארין, וואָס האָט ניט אויסגעלאָזן די קלענסטע געלעגנהייט צופרידנצושטעלן צילה'ן. ער האָט קלאראן אָנגעגאָסן א גלאָז מילך און פארפירט מיט איר א שמועס:

— רעדט ניט מיט די בורזשוען, רעדט מיט אזעלכע, ווי מיר זיינען, — האָט ער אויפגעהויבן ביידע דלאָניעס און איר געוויזן די מאָזאָלעס אויף זיי.

---

אזוי זיינען געלאָפן מאָרגנס, טעג, אָוונטן, אין ליבע נארישקייטן, שפילן, קונצן און פלוידעריי, ביז עס איז אריבער א גאנצע וואָך. ראָזמארין איז צילה'ן אנטשידן געפעלן געוואָרן. זי האָט איצט די גאנצע צייט פארבראכט מיט אים אין הויז און אויף שפאצירן. זי האָט אָבער באשלאָסן דאָ לענגער ניט צו בלייבן, און ראָזמארין האָט פון זיין זייט אויך באשלאָסן צו פאָרן צוזאמען מיט איר אין ניו־יאָרק.

דעם לעצטן טאָג איז צילה'ן איינגעפאלן א געראנק צו שרייבן צום אפטייקער און צום קופער־יוניאָן סטודענט, פארוואָרפן זיי, וואָס זיי זיינען אזוי מיט אמאָל פארשוואונדן, ווילן גאָר ניט וויסן אפילו, וואָס זי מאכט, און פאָרשלאָגן זיי צו שרייבן אהער, אָדער גאָר קומען זיי באזוכן. זי האָט דאָס שוין געוואָלט טאָן. זי איז געווען זייער בייז אויף זיי.

זי איז אָבער געבליבן שטיין אין א גרויסער פארלעגנהייט, ווען דער בעל־הבית איז גראָד דעמאָלט אָנגעקומען פון דאָרף און איר דערלאנגט צוויי בריוו פון . . . די צוויי יונגע לייט. זיי

האָבן זיך צונויפגערעדט און קומען אַרויס באַזוכן זי אין אַ טאָג אַרום.

זיי האָבן זי, הייסט עס, גאָר אָפּגענאַרט, אָפּגעטאָן איר אַ שפּיצל! און צו וואָס? — דאָס ווייס זי אפילו ניט. די גאַנצע מעשה איז געווען ניט מער ווי אַ קאָמעדיע. — זי איז שיער ניט אומגעפאַלן פון אויפרעגונג.

אָבער ניין. זי וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען דערפאַר. זי האָט דערציילט ראָזמאַרינען, אַז צוויי פריינד קומען אַרויס אין אַ טאָג אַרום זי באַזוכן. און צילה און ראָזמאַרין זיינען געבליבן אין האָטעל אויף נאָך אַ וואָך.

---

אין איין שיינעם אָוונט האָבן די צוויי פריינד זיך געזעצט צום טיש לעבן צלה'ן און ראָזמאַרינען, האָבן גערעדט און גע־שפּאַסט מיט די אַרומיקע און פאַרפירט אַן אַלגעמיינעם שמועס, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט געשען!

מירמעלשטיין, טראַכטענבערג, ראָזמאַרין און מאָריס האָבן דערציילט וועגן די פאַרשידענע שפּילן און אַנדערע פאַרווייליונגען אין די בערג. די צוויי נייע האָבן זיך באַלד דערפילט ווי היי־מישע מענשן צווישן זיי.

צילה איז געווען אַביסל צעמישט פון זייער אויפפירונג. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט זיי אפילו ניט פאָרגעשטעלט.

— מיינע צוויי פריינד, — האָט זי איילנדיק אַרויסגע־רעדט, — מר. קופּער און מר. זילבערמאַן. צוויי מעטאַלענע יונגע־לייט, — האָט זי צוגעגעבן אַביסל ערנסט.

— מיר זיינען אייך דאָ, מיט'ן פאָרשטעלן, אויך פאַר־לאָפן דעם וועג, — האָט געזאָגט דער אַפּטייקער, אַריינקוקנדיק איר אין די אויגן מיט אַ פריינדלאַכן שמייכל. צילה האָט ניט ווילנדיק אויך גענומען שמייכלען.

— וואָס הערט זיך עפּעס אין ניו־יאָרק? — האָט גע־פרעגט מר. קאָהען.

— היים, — האָט געענטפערט קופּער. — היים און שטיל. נאָר די צייטונגען, וואָס מוזן נעבאַך אַרויסגיין אַלע טאָג, קערן וועלטן.

— אַזוי גאָר! — האָט אייזענבערג זיך געוואונדערט. — צע־צע־צע! די בלעטער?

— יע, די בלעטער. איר ווייסט ניט, וואָס פאַר מחבלים זיי זיינען. זיי קאָנען מאַכן טויטע לעבעדיק און לעבעדיקע טויט. איר קאָנט זיך פון זיי ניט באַהאַלטן. וואו איר וועט ניט זיין, וועלן זיי אייך דערגרייכן מיט זייער צירקולאַציע. זיי וועלן אייך, ווען נייטיק, זוכן יאָרנלאַנג, ביז וואַנען זיי וועלן אייך געפינען, ווי זיי געפינען קרובים. און פּראָוווט הייבט זיך מיט זיי אָן! זיי זיינען דאָך . . . די וויפלטע גרויסמאַכט, זילבערמאַן? מלכים מוזן זיך בויגן פאַר זייער ווילן. ווען אונזער אייגענער דוד המלך וואָלט אַראָפּגעקומען צו אונז איצט, וואָלט ער געמוזט האָבן זיין אייגענע צייטונג, אַנדערש וואָלטן זיי אים אַראָפּגעריסן די קרוין פון קאָפּ, אפשר נאָך מיט'ן קאָפּ אינאיינעם.

— נו־נו! גיט־שוין־גייט! — איז אייזענבערג געווען אומצופרידן.

— איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס מען האָט פון אייך אַזאַ לאַנגע צייט ניט געהערט, — האָט צילה געזאָגט. — איר האָט זיך באַהאַלטן פון די צייטונגען. נו, און וואו האָט איר זיך באַהאַלטן, זילבערמאַן?

— מען אָט מיך פּלוצלונג אַרויסגערופן אין אַ פּראָווינציעלן שטעטל, צילה. און פון מיין ערפאַרונג דאָרטן קאָן איך אייך געבן אַ פולקאָמע באַשטעטיגונג פון מיין חבר'ס רייד וועגן דער מאַכט פון די צייטונגען אפילו אויף דער פּראָווינץ. הערט אַ מעשה. בחורים האָבן דאָרטן אָרגאַניזירט עפּעס אַ רוסישע ביבליאָטעק. איך בין גראָד אַריינגעפאַלן צו זייערער אַ באַ־ראַטונג. די צוויי פירער, ביידע מיט פויגלשע נעמען, סאָלאָ־וויטשיק און קאַנאַרייקין, האָבן זיך שרעקלאַך געקריגט. שטעלט זיך אויף קאַנאַרייקין און באַשולדיקט דעם אַנדערן, אַז ער האָט פאַרנומען געלט. שפּרינגט אויף סאָלאָווייטשיק און ניט אַ זאָג אויף רוסיש, מיט „כ“ אנשטאָט „ר“: „טאָוואַכישטש קאַנאַ־כייקין, יאַ וואָס אָטוועטשו טשעכעז פּעטשאַט!“ איך וועל אייך ענטפערן אין די צייטונגען, טאָוואַרישטש קאַנאַרייקין! טויטע זיינען זיי אַלע געבליבן, דערהערנדיק אַזעלכע דבורים. זיי האָבן זיך באַלד אַרויסגערוקט איינער נאָכ'ן אַנדערן, שטילע ווי קאַ־טינקעס, און עס איז געוואָרן אויס רוסישע ביבליאָטעק. הכלל, עס איז אמת, די צייטונגען אַרבעטן מעשים, און מען האָט פאַר זיי מורא . . .

— און איך וועט זיך מיט אייך, — האָט געזאָגט מירמעל־שטיין, — אַז אונזער קלאַראַ וואָלט ניט דערלאָזן צו אַזאַ שמאַך און שאַנד, אַז אַ רוסישע ביבליאָטעק זאָל אונטערגיין.

צילה האָט זיך צוגעהערט צו דער פּלוידעריי, אַריינוואַרפנ־דיק ווען־ניט־ווען אַ וואָרט. איר ברוגז אויף די צוויי יונגע־לייט איז שוין כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן. אָט זיינען זיי דאָך לעבן איר. זי וועט זיי שפּעטער קאָנען זאָגן אַלץ, וואָס ס'האָט זיך אָנגעקליבן ביי איר אויפ'ן האַרצן. יע, זי וועט זיי זאָגן: „ווי אַ פּילקע בין איך געווען אין אייערע הענט!“ דורך עפּעס אַן אומפאַרשטענדליכער אַסאָציאַציע איז איר גע־קומען אויפ'ן זינען אַ שורה פון אַ הומאָריסטישן לידל: „כ'בייט אַ פעלער ווי אַ הענטשקע!“ פּי, ווי נאַריש!

פאַרטומלט און צעמישט האָבן זיי זי אינגאַנצן, פאַרטריבן איר ברוגז און איר מעלאַנכאָליע מיט זייער וואַרימקייט, מיט זייער אויפריכטיקער פריינדשאַפט, אין וועלכער זי האָט מער ניט געצווייפלט. און אַזוי איז שוין געבליבן — „ניט אָפּגע־רעכנט זיך.“

---

# דער הונט און דער לייב

(פאַבל)

פון נחום י.

א הונט, וואָס האָט אַ לייב אַלס פריינד געהאַט,
ניט קאָנענדיק מיט אים זיך אָנלויבן צו זאַט,
האָט איינמאָל אים אַ נייע חניפה צוגעטראָגן:

— „איך מוז דיר זאָגן,
אַז אויף דער גאַנצער וועלט,
סיי אין די וועלדער, סיי אין פעלד,
איז גאָרניט צו געפינען

אַן אַנדער חיה, וואָס זאָל זיין באַרעכטיקט צו דער קרוין.
אַ קלייניקייט, פון דעם געשריי אַליין
פאַרלירן אַלע דאָך דעם זינען,
און וואַרפן זיך צעשראָקענע אויף דר'ערד! . . .“

— „און דאָך, — געענטפערט האָט דער גבור אים פאַרקלערט, —
„ס'איז גאָר צום לאַכן, —
אַ פליגעלע אַ קליינס קאָן מיך משוגע מאַכן . . .“

# איבער׳ן געשלעכטלאַכן לעבן און געשלעכטס קראַנקהייטן

פון דר. יוסף טענענבוים

עס איז ניטאָ קיין איינציק געביט אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט בכלל און ביים מענשלאַכן יחיד בפרט, וועלכער זאָל זיין אזוי שטאַרק פאַרהילט מיט זיבן שלייערן, ווי די באַציאונג צווישן מאַן און ווייב. איבער אָט דעם ענין קען מען באמת זאָגן, אז פאַר לויטער ביימער זעט מען ניט מער דעם וואַלד.

פון איין זייט האָט די דיכטערישע פאַנטאַזיע מיט איר שפּינגעוועב אַרומגענומען דעם אינסטינקט פון ליבע און אים אַרויפגעצויגן אויף דעם זיבנטן הימל, פון וואַנען ער האַלט אין איין אַראָפּגליטשן זיך און אין איין אַראָפּקייקלען זיך אויף דער ערד, ווי ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. און פון דער אַנדערער זייט שטייט די וואולגאַריטעט מיט אירע גראָבע שטריק און פּענטעט די פליגל פון דעם נאַטירלאַכסטן פון אַלע אינסטינקטן. די פּאָעזיע ציט אים אין די הימלען און די וואולגאַריטעט—אין די טיפסטע תהומות פון דער מענשלאַכער עקזיסטענץ און אין די שבעה מדורי נהינום. ווער קען זיך וואונדערן, אז צווישן דער מאַמע און דער באָבע וועט דאָס קינד צעקאַליעטשעט און צעריסן ווערן, אזוי אז מען קען דאָס ריינע קינדלאַכע פּנים ניט מער דערקענען?

דערצו קומט נאָך אַן אַנדערע סכנה פאַר דעם נאַטירלאַכן געשלעכטלאַכן אינסטינקט. ווייל דאָס, וואָס די נאַטור האָט באַשאַפן אַלס אַ מיטל כדי פאַרצוזעצן דאָס לעבן און צו שפּינען דעם פאָדעם פון דורי־דורות, האָבן די גלחים און אַנדערע געזעלשאַפטלאַכע פאַרפירער איינגעקלעמט אין טויטע געזעצן פון אַ מפּיל׳דיקער מאָראַל, און פון דעם מאָראַלישן פּלאָנטער איז, ווי באַקאַנט, נאָך קיינמאָל קיין גלייכע זאַך ניט אַרויסגעקומען.

וירא אלהים כי טוב — און אויך גאָט האָט זיך אריינגעמישט, כדי דעם פּלאָנטער נאָך מער צו פאַרפּלאָנטערן, און אָט אזוי וואַרגן זיך מענשן מיט קייטן, וועלכע זיי האָבן זיך אַליין באַשאַפן, און זוכן אַן אויסוועג, כאָטש די נאַטור האָט אַליין אזוי דייטלאַך דעם ריכטיקן וועג אָנגעוויזן.

די געשלעכטלאַכע פראַגע איז תמיד מאָדערן, און וואָס מער אַ דור, אַלץ מער פאַרוויקלטער ווערט זי. זי איז פאַרוויקלט, ווייל זי האָט אויפגעהערט צו זיין אַ זאַך, וואָס איז שייך צו אינסטינקט, און איז געוואָרן אַ „פראַגע“ — אַ שלאַנג מיט אזוי פיל קעפּ וויפיל עס זיינען דאָ מיינונגען, טעאָריעס, געזעצן און סאָציאַלע פּראָבלעמען. מיר ווילן דאָ היינט באַרירן איין „פראַגע“, וועלכע איז אַ סאָציאַלע און אַן אינדיווידועלע צוגלייך — די פראַגע פון געשלעכטס־קראַנקהייטן.

זיינען די געשלעכטס־קראַנקהייטן אַ סאָציאַלע פראַגע?

מיר דאַכט זיך, אז עס איז היינט שוין ניטאָ קיין ווינקל אויף דער ערד, וואו מען זאָל זיך דערפון נישט אָפּגעבן קיין דין וחשבון. עס איז נישט מער קיין פראַגע פון זינד אַקעגן גאָט — עס איז אַ פראַגע פון זינד אַקעגן דעם צוקינפטיקן געשלעכט, פון זינד אַקעגן די אייגענע קינדער, — יאָ, זיי זיינען היינט אַ נאַציאָנאַלע פראַגע, די געשלעכטס־קראַנקהייטן.

און פונדעסטוועגן, כאָטש די פראַגע איז אזוי וויכטיק, — די וויכטיקסטע סאָציאַלע פראַגע, — האָט מען זי דערקלערט פאַר „טאַבו“, און פאַר די טויערן פון אירע געצעלטן שטייען פאַרשימלטע מאָראַל־ריטער און לאָזן זיך ניט צוקוקן נעענטער צו דער פראַגע.

עס וואַקסט דאָס קינד און אין זיין מוח הייבן זיך אָן צו דערוועקן אַלץ נייע געדאַנקען און אין זיין נשמה׳לע הייבט אָן צו ציטערן אַ צאַרטע כוואַליע פון געשלעכטלאַכער ערעגונג — ער פרעגט אַ שאלה ביים טאַטן, ביי דער מאַמען, דעם זיידן, די באָבע, און איבעראַל געפינט ער די זעלבע תשובה, דעמזעלבן פאַרווירטן ליגן, אָדער אַ פיל־זאָגנדע פאַרלעגנהייט . . . און אָט אזוי ווערט די ריינלאַכקייט פון קינדלאַכער נאַאיוויטעט באַפלעקט און פאַרראַטן, ביז עס איז צו שפּעט פאַר זאַכלאַכער אויפקלערונג. דאָס קינד הייבט אָן צו גלויבן, אז דאָס, וואָס ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אזוי נאַטירלאַך, איז אַ מין פאַר׳כשופ׳טע פּרינצעסין, וועלכע מען דאַרף ניט אָנקוקן איר שיין פּנים, און זיין פאַנטאַזיע פאַרפירט אים אין אַ מדבר פול מיט „פאַטאַ מאָרגאַנאַס“, פון וואַנען ער קען ניט מער אַרויס. שפּעטער־צו געפינט זיך אַ פריינט, אָדער די באַקאַנטע סעקסועלע שונד־ליטעראַטור, וועלכע ווערן זיינע באַראַטער און אויפקלערער, און פון דער פאַנטאַסטישער פּרינצעסין ביז צו דער פּראָסטיטוט איז גאָר אַ קורצער וועג. אָט דאָס איז דער אָנהייב פון דעם סוף.

אין מיין אָפיס, וואו איך האָב די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן אזעלכע יונגע מענשן, וועלכע האָבן באַצאָלט זייער ערשטן ביס אין דעם עץ הדעת מיט שווערע געשלעכטס־קראַנקהייטן, האָב איך אָפט אויך די געלעגנהייט צו רעדן מיט די עלטערן פון די יונגע קרבנות. זיי זיינען זיך מתודה, אז דאָס אומגליק פון דעם קינד איז זייער אייגענע זינד. אָבער ווי קען מען אויפקלערן אַ קינד? פרעגן זיי.

איך מיין אז דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן. די עלטערן אַליין זיינען אויך דערצויגן געוואָרן אין „צניעות“ און אין צביעות און זיי קענען ניט מער רעדן די נאַטירלאַכע שפּראַך, און ווילן זיי שוין יאָ זיין מאָדערנע און הייבן אָן „אויפצוקלערן“ זייערע קינדער, טוען זיי עס אזוי אומגעלומפּערט, זייער שפּראַך און זייערע מינעס זיינען דערביי אזוי ניט צוגעפּאַסט צו זייער אויפגאַבע, אז זיי פילן זיך אַליין לעכערלאַך און האַקן אָפּ. די פראַגע ווי אזוי סעקסועל צו דערציען די קינדער איז פאַרוויקלט מיט אַן אַנדערער פראַגע — ווי אזוי צו דערציען די עלטערן צו דער שווערער אויפגאַבע. און אויך דאָס איז ניט קיין לייכטע זאַך. אַ סך עלטערן ווילן נישט דערצויגן ווערן. זיי פילן גוט אין זייער קאַלעמוטנעם דרימל, פּונקט אזוי ווי די גניסער פון אָפּיום אין זייער רויש. פון די איז ניטאָ וואָס צו רעדן. אָבער אויך די אינטעליגענטערע געפינען ניט דעם מוט, כדי זיך צו לאָזן אויפקלערן. די בושה איז די סבה דערפון, און פון דעם שלעכטן שדוך פון בושה מיט דעם געשלעכטלאַכן לעבן קומט אַרויס אָט די אַ אומגעזונטע פּרוכט, די פאַרוויקלטע, כמעט אומדאַנקבאַרע אויפגאַבע, ווי אזוי צו פאַרהיטן געשלעכטס־קראַנקהייטן.

עס וואָלט געווען צום לאַכן, ווען עס וואָלט ניט זיין אזוי טרויעריק; ווען מען קוקט זיך צו ווי מאַמעס רייסן איין וועלטן און לויפן פון איין דאָקטער צום אַנדערן, כדי זיך צו פאַרגעוויסערן אז ס׳קינד זאָל האָבן אַ געזונטן מאָגן, אָבער אויב ס׳קינד לויפט ניט אַ געפאַר צו ווערן פאַרקריפּלט דורך אָנאַניע (און מאַנכע קינדער הייבן שוין אָן צו אָנאַנירן אין וויגעלע), אָדער אויב דעם עלטערן קינד און דעם בחור שטייען ניט פאַר אַן אָפּגרונט, פון וועלכן זיי וועלן ניט מער קענען אַרויס גאַנץ, — אָט דעריבער צעברעכט זיך ניט די מאַמע און ניט דער טאַטע דעם קאָפּ גאָר אין גאַנצן.

די געשלעכטס־קראַנקהייטן זיינען דער געפערלאַכסטער בייטש, מיט וועלכן די מענשהייט ווערט געשלאָגן.

די סיפיליס שטייט אויבען־אָן אויף דעם ליידנסוועג פון דער מענשהייט. זי באַפאַלט דורות, און עס איז ניטאָ כמעט קיין קראַנקהייט, וועלכע זאָל זיין געזעלשאַפטלאַך אזוי געפערלאַך ווי אָט אַ דער מענשלאַכער שונא. און פונדעסטוועגן, וויפיל מענשן לויפן נאָך היינט אַרום מיט סיפילים און באַהאַנדלען זיך ניט, כאָטש מיר האָבן היינט אזעלכע אויסגעצייכנטע מיטלען אַקעגן דער קראַנקהייט? לעזט מען די סטאַטיסטיק, אזוי ווערט עס פינסטער אין די אויגן. וויען האָט נאָך דעם קריג געהאַט אַרום 15 פּראָצענט פון איר באַפעלקערונג סיפיליטיש אָנגעשטעקט. און היינט וואו זיינען די פאַרבאָרגענע סיפיליטיקער, פון וועלכע קיינער ווייס נישט, — יאָ, וועלכע ווייסן אפילו אַליין אויך ניט דערפון? אין ניו־יאָרק שמועסט מען פון 20 פּראָצענט סיפיליטיקער. קען זיין, אז די צאָל איז איבער־

# דער ערשטער אידישער שול־צוזאַמענפאָר אין פוילן

פון א. ראַטמאַן

דיִ אידישע וועלטלאַכע, ראַדיקאַלע שול אין פוילן לעבט און וועט לעבן. דאָס איז אַ פאַקט.

דאָס האָט אונז באַוויזן דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון שול־טוער, וואָס איז פאָרגעקומען אין יוני ה. י. אין וואַרשע. אַ צוזאַמענקונפט פון 400 אויסגעוויילטע דעלעגאַטן, וואָס רעפּרעזענטירן עטלאַכע הונדערט אידישע ראַדיקאַלע שולן, אַ צוזאַמענפאָר פון איבערגעגעבענע, ענטוזיאַסטישע, ערפאַרענע דערציִער פון דרייסיק טויזנט אידישע קינדער!

נאָך מיט 6 יאָר צוריק אַ זאַך פון טעאָריע, פון טויטע דיסקוסיעס צווישן אידישיסטן פון איין זייט און פאַרשימלטע אַסימילאַטאָרן און רעאַקציאָנערע העברעאיסטן פון דער צווייטער. נאָך מיט 6 יאָר צוריק איין קליין חדר'ל אויף דער וואַרשעווער גענשאַ גאַס וואו אין דער פּרץ־דינעזאָן קינדער־היים האָבן באַקומען זייער דערציאונג נאָר עטלאַכע צענדליק היימלאָזע תלמידים, קינדער פון דערשלאָגענע, צעראַבירטע, פאַרפייניקטע אידישע עלטערן.

איינציקע זעקס יאָר — און וואָס פאַר אַ וועלט איז אויפגעטאָן געוואָרן.

ביי די גרויזאַמסטע באַדינגונגען, אונטער'ן האָגל פון קוילן און אין אַ שטענדיקער פאָגראָם־אַטמאָספערע, ביי שטענדיקע אַרעסטן, פאַרפאָלגונגען, אין אַ סביבה פון פּיין, הונגער, נויט און דחקות — איז אויסגעוואַקסן דער פּרעכטיקער, גרויסאַרטיקער אידיש־ראַדיקאַלער שול־וועזן.

נאָר זעקס יאָר, און איצט — צענדליקער מיטל־שולן און הונדערטער פאָלקס־שולן, וואו דרייסיק טויזנט קינדער באַקומען זייער דערציאונג, בילדונג, אָפטמאָל אויך פולשטענדיקע אויסהאַלטונג און קליידונג.

דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם העלדנמוט פון דעם אידישן לערער, דער אומערמידלאַכער, שווערער אַרבעט פון די אידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען; דאָס האָבן מיר אויך צו פאַרדאַנקען דער חבר'שער, ברידערלאַכער שטיצע פון די אידישע אַרבעטער און פאָלקסמאַסן אין אַמעריקע, וואָס האָבן זיך אָפטמאָל אָפּגעשפּאָרט פונ'ם מויל, אום מיט דעם לעצטן גראָשן צו שטיצן די פּראָלעטאַרישע קולטור־אַרבעט אין מזרח־אייראָפּע.

---

די פיר הונדערט צונויפגעקומענע דעלעגאַטן האָבן רעפּרעזענטירט שול־אָרגאַניזאַציעס אין גרויס־פוילן, גאַליציע, ליטע און וואָלין; עס זיינען אָבער אויך פאַרטראָטן געווען דורך ספּעציעלע פאָרשטייער די אידישע ראַדיקאַלע קולטור־צענטרען פון קאָוונע, ליטע, רומעניע און לאַטוויע (ריגאַ).

באַשטימונגס־רעכט אויפ'ן צוזאַמענפאָר האָבן געהאַט 376 דעלעגאַטן, וואָס זיינען געווען גרופּירט אין פאָלגענדע פראַקציעס: פון דער ריכטונג׳ „אונזערע קינדער" — אַ שול און בילדונגס־אָרגאַניזאַציע, פון „בונד" אין פוילן — 134 דעלעגאַטן; באַראָכאָוו־פראַקציע (פּועלי־ציון) — 126 דעלעגאַטן; „פאַראייניקטע" (געוועזענע ס"ס) — 53 דעלעגאַטן; „אומאָפּהענגיקע" (אומפּאַרטייאישע סאָציאַליסטן און ראַדיקאַל־דעמאָקראַטן) — 63 דעלעגאַטן.

דאָס פּרעזידיום פונ'ם ערשטן אידישן שול־צוזאַמענפאָר איז באַשטאַנען פון פאָלגענדע חברים: מיכאַלעוויטש, ווירגילי (כהן), ווילנער — „בונד; זרובבל און רייז — פּ„צ; גוטמאַן („פאַראייניקטע"), שור (אומאָפּהענגיקער) און — אַלס אַכטער מיטגליד, דער ערשטער אידישער מיניסטער און פּרעזיצנדער פון דער קולטור־ליגע אין אוקראַינע — חבר מ. זילבערפאַרב.

אַ חוץ דעם זיינען אויך איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן אין פּרעזידיום די ח"ח פון דער 1־טער לערער־קאָנפערענץ אין יאָר 1907 אין . . . לוקישקער טורמע (ווילנע) — ח"ח פלודערמאַכער, ליכטענשטיין, גערשטיין און פּאָליאַק.

דער צוזאַמענפאָר האָט זיך אָנגעהויבן דעם 15־טן יוני ה. י. און פאַרענדיקט געוואָרן דעם 21־טן יוני.

דורך די 6 טעג זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן 8 פּלענאַרע זיצונגען נישט רעכענענדיק די פייערלאַכע ערעפנונגס־זיצונג.

די ערשטע פּלענאַרע זיצונג האָט געעפנט ח' ב. מיכאַלעוויטש מיט אַ קורצער רעדע, אין וועלכער ער האָט אַגב אויסגעדריקט „אַ באַגריסונג און סימפּאַטיע די אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע פאַר זייער חבר'שער הילף".

צום סוף פון ה' מיכאַלעוויטשעס רעדע זיינען באַערט געוואָרן מיט אויפשטיין די ערשטע גרינדער פון דער אידישער קינדער־היים אין וואַרשע י. ל. פּרץ און יעקב דינעזאָן און איניגע לערער, וואָס זיינען אומגעקומען די לעצטע יאָרן.

עס זיינען אויסגעהערט געוואָרן באַגריסונגען פון צענדליקער אָרגאַניזאַציעס. די גרעסטע באַגייסטערונג האָט אַרויסגערופן אַ באַגריסונג פון די שילער פון דעם ערשטן סיום פון 8־טן קלאַס פון דער ווילנער אידישער שול „מפיצי השכלה", וואו צווישן אַנדערע ווערט געזאָגט פאָלגענדעס:

> „. . . מיר, די תלמידים, שווערן: חברים, מיר וועלן שטענדיק זיין אין די רייען פון די בויער פון נייעם לעבן, פון דער אידישער וועלטלאַכער און סאָציאַליסטישער קולטור!"

די דאָזיקע שבועה איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן.

די ערשטע פּלענאַר־זיצונג האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט באַפולמעכטיקט דאָס פּרעזידיום צו שיקן אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

די צווייטע פּלענאַר־זיצונג איז געווען געווידמעט די באַ־

---

טריבן; אָבער איז 10 פּראָצענט אַליין נישט די גרעסטע סכנה פאַר דער באַפעלקערונג?

די גאַנאָררייא, אָדער דער טריפּער, שטייט אויף דער צווייטער שטופע, אויף דער לייטער פון געשלעכטס־קראַנקהייטן. זי איז אָבער אויך געפערלאַך, פאַרקריפּלט מענער און ספּעציעל פרויען, און די העלפט פון אַלע בלינד־געבוירענע קינדער זיינען אַ קאָנסעקווענץ פון אַן אומגעהיילטן טריפּער פון די עלטערן. און ווי שטאַרק פאַרברייטעט זי איז! די צאָל וואָס סטאַטיסטיקער האָבן אָנגעגעבן פאַר'ן טריפּער איז צווישן 51 ביז 60 פּראָצענט פון דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ שרעקלאַכער ציפער, אַ גרויזאַמער סאָציאַלער פּלאָג.

רעלאַטיוו איינפאַכער איז די זאַך ביים דריטן גליד פון דער קייט פון געשלעכטס־קראַנקהייטן. דאָס איז דער שאַנקראַאיד, אָדער ווייכער שאַנקער, וועלכער קען אָבער אויך געבן געפערלאַכע קאָמפּליקאַציעס וויבאַלד ער ווערט ניט באַהאַנדלט.

אויף קיין שום אַנדערן געביט פון מענשלאַכן לעבן עקזיסטירן ניט אַזויפיל פאָראורטיילן ווי אויף דעם געביט פון געשלעכטס־קראַנקהייטן. דאָס ערשטע געבאָט פון סאָציאַלער אַרבעט איז דערום אָוועקצונעמען דעם שטיין, וועלכן עפּעס אַ שטן האָט אַרויפגעוואָרפן אויף דעם נאַטירלאַכן אינסטינקט פון געשלעכטלאַכן לעבן — וואָרום ערשט דעמאָלט וועט דער זאָמען פון סאָציאַלן פאָרשריט קענען אויפבליען אין אַ נייער געזונטער מענשהייט אויף אַ נייער פּרוכטבאַרער ערד.

דער שלייער און די בושה — ביידע מוזן אַוועקגעלייגט ווערן און מאַכן פּלאַץ פאַר אויפריכטיקייט און נאַטירלאַכקייט אין געשלעכטלאַכע באַציאונגען.

ריכטן פון די ערטער. דעם ערשטן באריכט האט אפגעגעבן דער צענטראלער דינעזאן שול־קאמיטעט (ווארשע).

ער האט, ביז איצט, סובסידירט 49 שטעט אין פוילן. ד. ה. 73 שולן מיט 325 אפטיילונגען און 39 קינדער־היימען מיט 64 אפטיילונגען, ס"ה 13,750 קינדער, פון וועלכע יונגלאך מאכן אויס 35 פראצענט, און מיידלאך — די איבעריקע 65 פראצענט.

סובסידיעס זיינען ארויסגעגעבן געווארן ביז 22 מיליאן מארק, אויף פארלאג־ארבעט 900 טויזנט מארק און אויף לערער־קורסן ביז 800 טויזנט מארק.

דער באריכט־אפגעבער פון ביאליסטאקער ראיאן אינפארמירט וועגן פאלגענדעס:

דאס דארטיקע צענטראל־ביורא האלט אויס 10 שולן מיט 48 קלאסן, 5 קינדער־היימען פון 11 גרופן, אין וועלכע עס זיינען פאראן 1775 קינדער. די עלטערן פון די קינדער טיילן זיך לויט זייער באשעפטיגונג אויף פאלגענדע: ארבעטער — 72 פראצענט, סוחרים — 1 פראצענט, אומבאשטימט — 10 פראצענט.

א חוץ דעם שטיצט דאס ביאליסטאקער צ. ב. אן אוונט־שול פאליטעכנישע קורסן און איז פארבונדן מיט 19 שטעט, וואו עס זיינען פאראן א פאר צענדליק שולן.

פונ'ם באריכט פון דעם וואלינער פארשטייער דער־ווייסן מיר זיך פאלגענדעס:

אונטער דעם רשות פון וואלינער ביורא געפינען זיך 9 קינדער־גערטנער, 12 פאלקס־שולן און אוונט־שולן, ס"ה 76 קלאסן מיט 2508 קינדער.

דעם גרעסטן אינטערעס רופט ארויס דער באריכט פון דעם ווילנער צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט.

די אנשטאלטן פון צ. ב. ק. האבן העכער 50 פראצענט פון די אלע קינדער, וועלכע לערנען און דערציען זיך אין אלע ווילנער שול־אנשטאלטן בכלל.

דער ווילנער צ. ב. ק. נעמט אריין אין זיין נעץ 45 אנ־שטאלטן, פון זיי לערן־דערציערישע 25; דהינו: 7 קינדער־גערטנער, 10 מארגן־שולן, 2 נאכמיטאג־שולן, 1 רעאל־גימנאזיע, 5 אוונט־שול. ס"ה 115 שולן, וואו עס לערנען זיך העכער 4000 קינדער ביי 209 לערער. דער סאציאלער באשטאנד פון די עלטערן פון די קינדער איז פאלגענדער: ארבעטער און אנגעשטעלטע — 75 פראצענט, קליינהענדלער און קרעמער — 5 פראצענט, די איבעריגע 20 פראצענט — אומבאשטימט.

דער ווילנער צ. ב. ק. האט אויך אויסגעהאלטן א לערער־סעמינאר, וואו עס זיינען געלייענט געווארן 15 לעקציעס פון 4800 באזוכער.

פאר די עלטערן פון די שול־קינדער זיינען געלייענט געווארן 11 לעקציעס וועגן דערציאונג פון 3400 צוהערער.

ער האט אויך געזארגט פאר די קינדער, וועלכע זיינען געבליבן אויסער די שולן. ער האט פאר זיי איינגעארדנט פארלעזונגען און קאנצערטן, וואס זיינען באזוכט געווארן פון קרוב 6000 קינדער.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז מיט דעם ווילנער צענטראלן בילדונגס־קאמיטעט האבן זיך געמוזט רעכענען אלע מאכטהאבער, וואס זיינען דורך דער צייט געוועזן אין דער שטאט און אפילו זשעליגאווסקים צייטווייליקע רעגירונג האט געהאלטן פאר נייטיק צו ווענדן זיך צום צ. ב. ק. מיט א פארשלאג צו באשטימען א קאנדידאט אויף א פארוואלטער פון דער אידישער בילדונגס־אפטיילונג.

די פאלגענדע פלענאר־זיצונגען פון דעם שול־צוזאמענפאר זיינען געוועזן געווידמעט דעם אויסהערן א ריי רעפעראטן, נאך וועלכע עס זיינען פארגעקומען לעבהאפטע, אפטמאל ממש שטורמישע דעבאטן.

לאמיר גיין כסדר.

וועגן „די יסודות און אויפגאבן פון אונזער שול" האבן רעפערירט די ח"ח גילינסקי, רובין און קאזשדאן.

די ערשטע צוויי רעפעראנטן האבן אונטערגעשטראכן און באגרינדעט די פאלגענדע יסודות פון דער נייער אידישער וועלטלאכער שול: 1) דאס דורכפירן די פאקטישע פאראייניהייטלאכונג און שאפן די אינערלאכע הארמאניע אין דעם דערציאונגס־סיסטעם; 2) די נייע שול דארף זיין אן אמת'ע אלגעמיינע שול; 3) דער ארבעטס־פרינציפ, דאס איז דער יסוד, אויף וועלכן עס מוז זיך באוועגן דער גאנצער אינהאלט פון דער דערציאונג; 4) די שול מוז פולשטענדיק אפגערייניקט ווערן פון די פארבליבענע רעשטלאך פון קלעריקאליזם; 5) די אידיש־וועלטלאכע שול איז דער ערשטער און אומפארמיידלאכער עטאפ פון דער סאציאליסטישער דערציאונג; 6) דעריבער דארף קולטיווירט ווערן נישט א סתם אידיש־וועלטלאכע שול, נאר, אנערקענענדיק איר אלס נייטיסער אנהייב, פארוואנדלען איר אין אן אנשטאלט פון סאציאליסטישער דערציאונג.

די לעצטע צוויי פונקטן האבן אנגעטראפן אויף אן אפאזיציע מצד דעם דריטן קארעפערענט, ח' קאזדאן, וועלכע איז ארויסגעטראטן געגן דעם לאזונג פון א סאציאליסטישער שול, באטאנענדיק די נויטווענדיקייט פון א אידישער שול וואו די ארבעט זאל געפירט ווערן אין „נאציאנאלע פארמען און אין נאציאנאלן סטיל."

די ווייט גרעסטע מערהייט אבער פון דעם צוזאמענפאר האט זיך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט פון די ערשטע צוויי רעפעראנטן, וואס איז אויך אויסגעדריקט געווארן אין אן אנטשפרעכנדער רעזאלוציע.

אויף דער פינפטער פלענאר־זיצונג, וואס איז פארגעקומען דעם 17־טן יוני, האט ח'טע א. בערגער איבערגעלייענט אן אינטערעסאנטן רעפעראט וועגן „די אויפגאבן און יסודות פון דער פארשול דערציאונג."

אין דעם דאזיקן פארטראג איז באטאנט געווארן דער געדאנק, אז „די אלע אידעען, וואס ליגן אין דער פארשול־דערציאונג, ליגן אין דער דערציאונג גופא. ס'מוז דעריבער פארשוואונדן ווערן די וואנט צווישן קינדער־גארטן און שול."

וועגן דער „געזעלשאפטלאכער לאגע פון דער אידישער שול" רעפערירט ח' ווילנער. ער האט דורכגעפירט דעם געדאנק, אז ביים אידישן פאלק איז נאר דער ארבעטער־קלאס דער איינציקער שיכט, וואס האט ביז איצט געפירט אן אקטיוון אויסגעהאלטענעם קאמף פאר א אידישער וועלטלאכער שול.

דאס — באטאנט דער רעדנער — קומט פאר נישט נאר אין פוילן און רוסלאנד, נאר אויך אין קאוונע, לאטוויע, רומעניע און אין אמעריקע. דער רעפעראנט דערמאנט, אז אין אמעריקע איז אין אפריל ה. י. פארגעקומען דער צווייטער צוזאמענפאר פון די א. ר. שולן אין קליוולאנד, וועלכער האט זיך אויך געשטעלט אויפ'ן יסוד, דאס די שול פונ'ם ארבעטער־רינג דארף זיין דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דעם קלאס, צו וועלכן זי באלאנגט.

א זייער אינטערעסאנטן רעפעראט וועגן דער „רעכטלאכער לאגע פון דער אידישער שול" האט אויך פארעפנטלאכט ח' ערליך (ווארשעווער בונדישער אלדערמאן).

עס ווייזט זיך ארויס, אז די אידישע וועלטלאכע שול האט עד היום נאך נישט אין פוילן קיין שום געזעץ־בארעכטיגונג, דער אידישער ארבעטער־קלאס דארף דעריבער פירן ווייטער זיין אומערמידלאכן קאמף אום צו זיכערן דעם רעכטלאכן יסוד פון זיינע שולן.

פון ח' גוטמאנס רעפעראט „וועגן דער מאטעריעלער לאגע פון דער שול" דערוויסן מיר זיך, אז דער בודזשעט פון די רעפרעזענטירטע אויפ'ן צוזאמענפאר שולן באטרעפט אן ערך 120 מיליאן מארק א יאר. די מלוכה האט מיט קיין גראשן נישט געשטיצט די אידישע שולן, די שטאט־פארוואלטונגען האבן געדעקט נאר 7 פראצענט פונ'ם בודזשעט, 21 פראצענט איז געדעקט געווארן פון די קהלות און די איבעריקע אויסגאבן — מערסטנטייל פון אמעריקאנער רעליף־געלדער. דאס איז אבער נישט קיין נארמאלער צושטאנד, און מען דארף פאדערן פון דער מלוכה, אז זי זאל פון די אלגעמיינע שטייערן, פינאנסן, פארזיכערן די עקזיסטענץ פון די אידישע וועלטלאכע שולן.

אויף דער פינפטער זיצונג פונ'ם צוזאמענפאר איז איבערגעלייענט געווארן א באגריסונג פונ'ם „פארווערטס", וואס עס האט ארויסגערופן א שטורם פון אפלאדיסמענטן.

# באלשעוויזם און קאאפעראציע

פון אהרן סטאלינסקי

.2

## אורזאכן פון דער איבערענדערונג

די לעצטע וועלטמלחמה איז פאקטיש געוועזן די הויפט־אורזאך א דאנק וועלכער די קאאפעראטיוון האבען אנגעהויבן צו שפילן אזא פראמינענטע ראלע אין רוסלאנד. דאס ווערט באזונדערס קלאר, ווען מען נעמט אין אנבאטראכט די פאלגענדע פונקטען: דאס אומאויפהערלאכע פאלן פונ'ם ווערט פון דעם רוסישן געלט, און הויפטזאכלאך פון פאפיר־געלט, האט שטופנווייז רעדוצירט און כמעט אינגאנצן פארניכטעט דעם ווערט פון די שערס, וואס די מיטגלידער האבן געהאט פון זייערע קאאפעראטיוון. און דאס האט אויך דירעקט געווירקט, אז די קאאפעראטיוון זאלן ווערן פאלשטענדיק אפהענגיק פונ'ם שטאט, ווייל זיי האבן אן זיינע ביישטייערונגען ניט געקענט אנגיין ווייטער מיט זייער ארבעט. צו דעם דארף נאך צוגעזעצט ווערן דער פאקט, דאס די ארטיקלען פון אלגעמיינעם

---

די זעקסטע פלענאר־זיצונג איז געוועזן געווידמעט די דעבאטן איבער די פארעפנטלאכטע רעפעראטן.

דעם לעבעדיקסטן אינטערעס האט צוגעצויגן צו זיך די זיבעטע פלענאר־זיצונג, וואס איז געוועזן געווידמעט ארגאניזאציאנעלע פראגן. נאך דעם רעפעראט פון ח' ב. כהן (ווירגילי) איז איינשטימיק באשלאסן געווארן צו גרינדן די „צענטראלע אידישע שול־ארגאניזאציע אין דער פוילישער רעפובליק", וועמעס ווירקונגס־שטח זאל ארומנעמען פאלגענדע 5 געגענטן: קאנגרעס־פוילן, מזרח־גאליציע, ווילנער געגנט, וואלינער געגנט און ביאליסטאקער געגנט. די פארוואלטונג פון דער נייער ארגאניזאציע דארף באשטיין פון 21 פערזאן און דער הויפט־סעקרעטאריאט זאל זיך געפינען אין ווארשע.

אומדערווארטעט — ווייל עס איז נישט געשטאנען אויפ'ן טאג־ארדענונג — איז אויך ארויסגעשוואומען אויף דער זעלבער זיצונג די פראגע וועגן גרינדן א קולטור־ליגע אין פוילן.

נאך לאנגע און היציקע וכוחים האט דער צוזאמענפאר באשלאסן צו באאויפטראגן די ניי־געווײלטע הויפט־פארוואלטונג פון דער צענטראלער שול־ארגאניזאציע, אז זי זאל זיך גלייך נאך איר קאנסטרואירונג פארנעמען מיט דער ארבעט פון שאפן אין משך פון צוויי חדשים אן ארגאניזיר־קאמיטעט פאר דער קולטור־ליגע.

די וואלן צו דער הויפט־פארוואלטונג פון דער ניי־געשאפענער ארגאניזאציע זיינען פארגעקומען אויף דער לעצטער (אכטער) פלענאר־זיצונג.

אין דעם צענטראל־קאמיטעט זיינען אריין פאלגענדע חברים: פון דער פראקציע „אונזערע קינדער" („בונד") — די ח"ח ב. מיכאלאוויטש, ש. גילינסקי, יוסף לעשצינסקי, י. ווילנער, ב. כהן (ווירגילי), פ. קאצענעלבאגן, מ. בער און שניידער — 8 מאן; פון דער בארכאוו־פראקציע (פ"צ): זרובבל, רייכמאן, דר. אייזענשטאדט, רייז, מענאראווסקי, דר. כוואיניק און בוקסבוים — 7 מאן; פון די „פאריניקטע" (ס"ס): דר. י. קרוק, י. רובין, מ. גוטמאן — 3 מאן; פון די „אומאפהענגיקע": קאזשדאן, גאלדמאן און מענדעלסאן — 3 מאן. ס"ה 21 מיטגלידער.

א חוץ דעם איז מיט א מערהייט שטימען באשלאסן געווארן אויסצואווילן אינ'ם צ. ק. דעם פארזיצנדער פון דעם צייטווייליקן צענטראל־קאמיטעט פון דער קולטור־ליגע, ה' מ. זילבערפארב.

אויף דער לעצטער פלענאר־זיצונג זיינען אויך אויסגעהערט געווארן באריכטן פון פאלגענדע סעקציעס: שול־סעקציע, אויסער שול־סעקציע, פראפעסיאנעלע סעקציע, סעקציע פאר ארטאגראפיע, סעקציע פאר שול־מעדיצין און פאר־שול־סעקציע.

די גרעסטע און היציקסטע דעבאטן האט ארויסגערופן די פראגע וועגן ארטאגראפיע. די וכוחים האבן זיך הויפטזעכלאך געדרייט ארום די פראגן וועגן אויסלייגן די העברייאישע ווערטער און וועגן צופאסן די ארטאגראפיע צו די אידישע דיאלעקטן.

אלס גרונד פון דער רעפארמירטער ארטאגראפיע ווערן אנגענומען די כללים, וועלכע זיינען פארמולירט אין דער גראמאטיק פון זלמן רייזען (ווילנער ארטאגראפיע). דאגעגן די פראגע וועגן פאראידישן די אויסלייגונג פון די העברייאישע ווערטער איז אויפ'ן צוזאמענפאר ענדגילטיק נישט באשלאסן געווארן און איז איבערגעגעבן געווארן א ספעציעלער קאמיסיע ביים צענטראלן קאמיטעט.

רעדנדיק וועגן די קאמיסיעס איז נאך כדאי צו דערמאנען, אז א חוץ די אויבנאנגערופענע האבן בעת דעם צוזאמענפאר נאך געארבעט פאלגענדע סעקציעס: פאר סאציאלער דערציאונג, סעקציע פאר טערמינאלאגיע און לערן־ליטעראטור, פאר עקספערימענטאלע פעדאגאגיק, לערער־אויסבילדונג, שול־סטאטיסטיק און קאמיסיע פאר פיזישער דערציאונג און גימנאסטיק.

אויף דער לעצטער זיצונג פונ'ם שול־צוזאמענפאר זיינען אנגענומען געווארן צוויי פראטעסט־רעזאלוציעס: די ערשטע „פאראורטיילט אם שארפסטן אלע ציוניסטישע און העברייאיסטישע עקספערימענטן, וואס ווערן געמאכט אויפ'ן לעבעדיקן קערפער פון מאדערנעם אידיש'ן שול־וועזן"; די צווייטע „פראטעסטירט אם שארפסטן געגן די רדיפות אויף אידיש אין ארץ־ישראל מצד דעם קעמפנדן העברייאיזם אין אלע זיינע שאטירונגען."

כדי צו פארענדיקן דעם באריכט פון דער לעצטער זיצונג מוזן מיר נאך אונטערשטרייכן צוויי ספעציעלע און העכסט־אינטערעסאנטע מאמענטן. עס איז נעמלאך געקומען צו דער זיצונג דער גרייז־גראער פוילישער געלערטער, פראפעסאר באדוען דע קורטעניי, וועמען דער פארזיצנדער, ח' מיכאלעוויטש האט הארציק באגריסט אלס דעם ערשטן בארימטן פאליאק, וואס האט געהאט דעם מוט צו אנערקענען די אידישע שפראך און צו קומען אויף א אידישן שול־צוזאמענפאר.

צום שלוס פון דער זיצונג האט זיך אויך צום פרעזידיום טיש געווענדט דער פארשטייער פונ'ם פוילישן בילדונגס־מיניסטעריום, ה' העקער, וועלכער האט די גאנצע צייט ביגעוואוינט דעם צוזאמענפאר.

ה' העקער האט געמאלדן פאלגענדעס: „מיט גרוים אויפמערקזאמקייט האב איך נאכגעפאלגט די ארבעט פון צוזאמענפאר. די וויכטיגע באשלוסן וועלן פון בילדונגס־מיניסטעריום גענומען ווערן אין אכט און אן ספק אונטערשטיצט ווערן אויף אזוי פיל, וויפיל די באהאנדלטע פראגן האבן א ריין פעדאגאגישן כאראקטער, וועלן זיי אין דעם בילדונגס־מיניסטעריום געווים באגעגענען דעם נייטיקן אפקלאנג."

אזוי האט געמאלדן דער פארשטייער פונ'ם פוילישן בילדונגס־מיניסטעריום. אז מיר וועלן לעבן — וועלן מיר זען . . .

ביים שליסן דעם צוזאמענפאר האט חבר מיכאלעוויטש אין זיין רעדע געזאגט פאלגענדעס: חברים! מיר נעמען אויף זיך שווערע אויפגאבן, א קאלאסאלע ארבעט, און אט פאר דער דאזיקער ארבעט, פאר'ן גאנג פון אונזער טעטיקייט, האבן מיר אויף דעם צוזאמענפאר אנגעצייכנט די ריכט־ליניען. אונזער ארבעט איז אן ערנסטע, אן ערלאכע, דעריבער האט זי אלעמען באזעלט, באגייסטערט. מיר קעמפן אבער ניט בלויז פאר דער נייער שול, נאר פאר א גאנץ ניי לעבן, פאר א פרייער, ליכטיקער וועלט, און ווען מיר וועלן פון אונזער קאמף מיט נצחון ארויס, ווען די נייע וועלט וועט געוואונען ווערן, וועט קומען דער לערער מיט זיינע קינדער און וועט זאגען: נאט אייך א נייעם דור, פון נייע מענשן, וואס איר האט אויסגעקעמפט!"

געברויך, ווי, למשל, צוקער, קליידער־שטאָף, פּאָדים, נעגל, א. א. וו., זיינען אויסשליסלאך פּאַרטיילט געוואָרן בלויז דורך די קאָאָפּעראַטיוון. דאָס האָט מיטגעבראַכט, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן זיך פאַנאַנדערוואַקסן מיט אַן אומגעהייערער שנעלקייט. די ברייטע באַפעלקערונג איז געלאָפן אין די קאָאָפּעראַטיוון ניט צוליב וועלכער־ניט־איז סימפּאַטיע, נאָר פּשוט כּדי צו האָבן אַ מעגלאַכקייט צו קריגן די נויטווענדיקסטע פּראָדוקטן.

די שפּייז־לאַגע אין רוסלאַנד איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער און עס האָט זיך געפילט אַ שטאַרקע נויטווענדיקייט צו קאָאָרדינירן און פאַרייניקן די גאַנצע פאַרטיילונג (דיסטריבוציע) פון די פּראָדוקטן. און דעם 11־טן אַפּריל, 1918, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט דער ערשטער געזעץ וועגן קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיוון, און ער איז גוטגעהייסן געוואָרן פון דעם אַל־רוסישן צענטראַל־קאָמיטעט. די הויפּט־פּונקטן פון דעם דאָזיקן געזעץ זיינען געווען: קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס פון קאָנסומערס זאָלען זיין אין יעדן דיסטריקט; דאָס גאַנצע לאַנד זאָל זיין צעטיילט אין אַ געוויסער צאָל דיסטריקטן. אין קיין דיסטריקט טאָרן ניט זיין מער ווי צוויי קאָנסומערס געזעלשאַפטן: איין קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַלע בירגער, און אַ ספּעציעלער קאָאָפּעראַטיוו פאַר אַרבעטער. די פאָרשטייער פון די קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיוון דאַרפן זיין פאַרטראָטן אין די צענטראַלע און לאָקאַלע אָרגאַנען, וואָס האָט די אויפזיכט אויף דער פאַרטיילונג פון שפּייז. דער הויפּט פּראַקטישער מיטל אין דעם דאָזיקן געזעץ איז די ערלויבניש, וואָס גיט די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן, לויט דער אַנטוויקלונגס־שטופע פון זייער טעכנישער און עקאָנאָמישער מאַשינעריי, צו קויפן, פאַרריכטן און פּראָדוצירן געברויכס־אַרטיקלען, מיט דער שטיצע און אונטער דער קאָנטראָל פון דעם העכסטן ראַט פון נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט.

די דאָזיקע פאַנאַנדערטיילונג פאַרלאַנגט אַ דערקלערונג. מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז אין רוסלאַנד האָבן די אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע זיינען געקומען צום פאָרשיין בעת דער רעוואָלוציע אין 1905, אַנטוויקלט אַן אייגנאַרטיקע אָפּטיילונג אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אין אָנפאַנג האָבן אַלע געאַרבעט צוזאַמען אונטער דעם צענטראָסאָיוז, אָבער ביסלאַכווייז האָבן די אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוון זיך אָנגעהויבן אויסצוטיילן פון די איבריקע קאָאָפּעראַטיוון.

## דער נייער אַפּאַראַט פון שפּייז־פאַרטיילונג

דעם 20־טן מערץ, 1919, האָט דער ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן אָנגענומען אַ נייעם געזעץ בנוגע די קאָאָפּעראַטיוון. דער דאָזיקער געזעץ פאָדערט, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ פאַראייניקטער אַפּאַראַט פון פאַרטיילן שפּייז, ווייל די פאַרטיילונגס־אָרגאַנען קריגן דאָס רוב פון זייערע פּראָדוקטן פון דעם זעלבן קוואַל. די פאַראייניגונג פון די פאַרטיילונגס־אָרגאַנען דאַרף דורכגעפירט ווערן אויף אַזאַ אופן, אַז דער גרויסער פאַרטיילונגס־אַפּאַראַט, ד. ה. די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, וועלכער איז דער איינציקער אַפּאַראַט, וואָס איז איינגעפירט און אויסגעפּרובירט געוואָרן אין דעם פּעריאָד פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט, זאָל ניט פאַרניכטעט ווערן, נאָר מוז בלייבן דער יסוד פון פאַרטיילונג, און דעריבער מוז מען אים אַנטוויקלען און באַשיצן. פאָלגלאַך, דאַרף מען אַלע קאָאָפּעראַטיוון פאַראייניקן אין איין גרויסן פאַרטיילונגס־אַפּאַראַט, וואָס זאָל הייסן ק אָ נ ס ו מ ע ר ס  ק אָ מ ו נ ע ן. די צעטיילונג פון די קאָאָפּעראַטיוון אין „אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוון“ און „קאָאָפּעראַטיוון פאַר אַנדערע בירגער“ ווערט אָפּגעשאַפט. אַלע שפּייכלער און קראָמען פון די קאָאָפּעראַטיוון און סאָוועטן ווערט געשטעלט אונטער דעם רשות פון די קאָנסומערס קאָמונען. אַזעלכע קאָמונען עקזיסטירן אומעטום: אין די שטעט, אין די אינדוסטריעלע צענטרן און אין די דערפער. די גאַנצע פאַרטיילונג פון לעבנס־מיטלען, וועלכע איז ביז איצט געווען אין די הענט פון די קאָאָפּעראַטיוון און פּראָוויזיאָנס־אָרגאַניזאַציעס, ווערט איצט קאָנטראָלירט פון די קאָנסומערס קאָמונען.

די דאָזיקע קאָמונען נעמען אין זיך אַריין די גאַנצע באַפעלקערונג, וואָס האָבן דאָס רעכט צו שטימען לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער סאָציאַליסטישער פעדעראַלער סאָוועטן־רעפּובליק פון רוסלאַנד, האָבן אויך דאָס רעכט צו ווילן אָדער ערוויילט צו ווערן אין די קאָנסומערס קאָמונען. בקיצור, דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער רעפּובליק הייסט איצט אַ „קאָנסומער געזעלשאַפט“.

אין דער דאָזיקער באַוועגונג שפּילן די קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון ניט קיין קלענערע ראָלע ווי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פּאַרטיי פונ׳ם אַרבעטער־קלאַס. די אַלע דריי פאָרמען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג הערן אויף צו זיין קאַמפּס־מיטלען פאַר׳ן פּראָלעטאַריאַט; וויבאַלד עס איז דערקלערט געוואָרן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, זיינען זיי געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע צו פאַרווירקלאַכן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. אין דער צייט וואָס אונטער דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם זיינען זיי געווען אָפּגעזונדערט און האָבן אָפט אַפילו קיין שייכות ניט געהאַט איינע מיט דער אַנדערער, זיינען זיי אונטער דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס דינט די אינטערעסן פונ׳ם אַרבעטער־קלאַס פונ׳ם סאָוועטן סיסטעם און פון דעם קאָמוניסטישן איבערבויען פון דער געזעלשאַפט. די קליינבירגערלאַכע קאָאָפּעראַציע איז טויט, אָבער די ערפאַרונג פונ׳ם אַרבעטער־קלאַס אויפ׳ן געביט פון קאָאָפּעראַטיוון וועט זיין אַ גרויסע הילף אין דער פּראַקטישער פאַרווירקלאַכונג פון דער נייער סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

## די קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־געזעלשאַפטן און די קוסטאַרס

לויט אַ דעקרעט פון פעברואַר 1919, איז די מאָסקווער נאַראָדני באַנק, דער פינאַנציעלער צענטער פון אַלע רוסישע קאָאָפּעראַטיוון, טראַנספערירט געוואָרן צו דער קאָאָפּעראַטיווער אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־באַנק פון דער רוסישער פעדעראַלער סאָוועטן רעפּובליק. דער שער־קאַפּיטאַל פון דער באַנק איז אָפּגעשאַפט געוואָרן און די שער־האָלדערס זיינען געוואָרן דער באַנקס קרעדיטאָרן — זייער שער־קאַפּיטאַל איז טראַנספערירט געוואָרן צו זייערע לויפנדע אַקאַונטס.

דיזעלבע שטעלונג האָט די רעגירונג אויך גענומען אין באַצוג צו די איבריקע קרעדיט קאָאָפּעראַטיוון. לויט דעם דעקרעט פון דעם 27־טן יאַנואַר פון היינטיקן יאָר, ווערן אַלע קרעדיט קאָאָפּעראַטיוון, לייי־ און שפּאָר־קאַסעס טראַנספערירט צו די אַלגעמיינע קאָנסומערס קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע דאַרפן אויך באַזאָרגן די דערפער מיט אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן, מאַשינען א. אַ. וו.

אַ גאַנץ באַזונדערע טאָלעראַנץ צייגט די סאָוועטן רעפּובליק אַרויס צו די קאָאָפּעראַטיוון פון די קוסטאַרס (רוסלענדישע הויז־אינדוסטריע פון די פּויערים). זיי זיינען ניט נאָר ניט אונטערגעוואָרפן די אַלע אויבנדערמאָנטע קאָאָפּעראַטיווע רעגולאַציעס און נאַציאָנאַליזאַציאָנס־דעקרעטן, נאָר די לאָקאַלע רעגירונגס־אויטאָריטעטן זיינען אויך מחויב באַהילפיק צו זיין די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון מיט אַלעם מעגלאַכן, הויפּטזעכלאַך זייערע פאַריינען און אַרטעלן.

---

ביי די יעניגע קאָאָפּעראַטאָרס, ביי וועלכע קאָאָפּעראַציע איז אַ מיטל פאַר זיך אַליין, אָדער ריכטיגער ד ע ר  צ י ל, האָט די נאַציאָנאַליזאַציע פון די קאָאָפּעראַטיוון געמוזט אַרויסרופן אַ גרויעס עמפּערונג. אָבער ביי די יעניגע, ביי וועמען קאָאָפּעראַציע איז ניט דער ציל, נאָר אַ מ י ט ל צום ציל, מוז דער רוסישער ס אָ צ י אַ ל אָ ג י ש ע ר  ע ק ס פּ ע ר י מ ע נ ט אַרויסרופן אַ גרויסע באַגייסטערונג. די אומשטענדן און באַדינגונגען אין רוסלאַנד קענען ניט פאַרגליכן ווערן מיט קיין אַנדער לאַנד. עס פעלט פּשוט דער געמיינשאַפטלאַכער פּונקט פון אַנאַלאָגיע, און די טאַקטיק מוז דעריבער דאָרט אויך זיין גאַנץ אַנדערש. די אמת׳ע קאָאָפּעראַציע מוז זיך שטעלן אין דינסט פונ׳ם אַרבעטער־קלאַס און מ ו ז  ז י ך  ש ט ע נ ד י ק  צ ו פּ אַ ס ן  צ ו  ז י י נ ע  ב אַ ז ו נ ד ע ר ע  ב אַ ד י נ ג ו נ ג ע ן.

# באַריכטן פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטלאַכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבעטער־רינג ווערט ערעפנט מיטוואָך דעם 6־טן יולי, 8 אַ זייגער אין אָוועגט, פון טשערמאַן, פר. ר. גוסקין.

## קאָמיטעס

פון בר. 147, — זיי פאַרלאַנגען, אַז זייער סעקרעטאַר זאָל פריער אָנגעקלאָגט ווערן אין ברענטש, איידער ער ווערט אַרונטערגעזעצט פון אַמט, לויט דער אויפפאָדערונג פון דער אָפּיס קאָמיטע.

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער אָפּיס קאָמיטע, דערקלערט, אַז זייער קאָמיטע האָט זיך געשטיצט אויף דער אַנטשיידונג פון דער נאַצ. גריווענס קאָמיטע אין דער קלאַגע. לויט דער אַנטשיידונג פון דער גריווענס קאָמיטע, איז ער ניט געווען פּאַסנד צו פאַרנעמען דעם אַמט אַלס מיטגליד פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע און זיין אַ דעלעגאַט צו דער קאָנווענשן. די אָפּיס קאָמיטע האָט דערום באַשטימט, אַז ער איז אויף אַזאַ אופן אודאי ניט פּאַסנד צו פאַרנעמען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון ברענטש. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט דער קאָמיטע פון ברענטש, אַז די קלאַגע האָט ניט געקענט אַריינגעבראַכט ווערן צו זיי אין ברענטש, ווייל אַלס קאַנדידאַט צו דער פאַרוואַלטונג און פאַר אַ דעלעגאַט צו דער קאָנווענשן האָט ער לויט אונזער קאָנסטיטוציע געדאַרפט אָנגעקלאָגט ווערן ביי דער נאַצ. עקזעקוטיוו. פאָלגלאַך איז דער באַשלוס פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו אין דעם פאַל בינדענד.

די פאַרטרעטער פון ברענטש פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל זיי געבן אַ קאָפּיע פון די פּראָטאָקאָלן אין פאַרבינדונג מיט זיין קלאַגע. עס ווערט באַשלאָסן צו באַוויליקן זייער פאַרלאַנג.

פון בר. 510, בראָנקס, — זיי בעטן צו אינדאָרסירן זייער קאַמפּיין פאַר אַ לייבאָר לייסעאום, וועלכן זיי בויען געמיינשאַפטלאַך מיט אַנדערע לאָקאַלע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס. עס ווערט באַשלאָסן ניט צו באַוויליקן זייער פאַרלאַנג, ווייל דאָס איז ניט קיין ארבעטער־רינג לייבאָר לייסעאום, און מיר קענען ניט אינדאָרסירן קיין קאַמפּיין פאַר יעדן לייבאָר לייסעאום, אָבוואָל די באַוועגונג פאַר לייבאָר לייסעאומס איז אונז סימפּאַטיש.

פון בר. 280, — זיי אַפּעלירן נאָכאַמאָל צו ענדערן דעם באַשלוס וועגן ניט דערלויבן זיי צוצוגעבן צו זייער ברענטש דעם נאָמען מאַקס פּערלאָוויטש. די קאָמיטע דערקלערט, אַז די פראַגע איז געווען אויף אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג ביי זייערע מיטגלידער און דער רעזולטאַט איז, אַז 172 האָבן געשטימט פאַר ענדערן דעם נאָמען און 3 קעגן. דער טשערמאַן דערקלערט דער קאָמיטע פון ברענטש, אַז מיר וועלן וועגן דעם שפּעטער האַנדלען, און זיי לאָזן וויסן אונזער באַשלוס.

## צושריפטן

פון דער „ניו־יאָרק קאָל“, — זיי שיקן צו אַ דאַנקס־רעזאָלוציע פאַר די $1000, וואָס זיינען באַוויליקט געוואָרן פאַר דער „קאָל“ ביי דער לעצטער קאָנווענשן. די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער פאַרוואַלטונגס קאָמיטע פון די ארבעטער קאָאָפּעראַטיווע פּאָבלישינג אַסאָסיאיישן, וועלכע גיט אַרויס די „קאָל“. באַשלאָסן צו פיילן.

פון דער „היברו אימיגראַנט איד סאָסייעטי“, — זיי דאַנקען פאַר דער באַגריסונגס־טעלעגראַמע, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו דער ערעפנונג פון זייער נייער בילדינג. זיי שרייבן, אַז אונזער טעלעגראַמע איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג פון דעם עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט ביי דער ערעפנונג פון זייער נייער געביידע.

פון בר. 620, — שיקן צו אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע געגן דער האַנדלונג פון דער קאָנווענשן פאַר ניט באַוויליקן קיין שטיצע פאַר'ן „קאַמף“, און אויך אַ קאָפּיע פון זייער צושריפט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשיקט צו אַלע ברענטשעס פון ארבעטער־רינג, אַגיטירנדיק נידערצושטימען די שטיצע, וואָס איז באַוויליקט געוואָרן פון דער לעצטער קאָנווענשן פאַר'ן „בונד“, „נייע וועלט“, אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, „פרייע ארבעטער שטימע“ א. ד. ג. דער טאָן פון זייער בריף איז זייער ניט קיין שיינער. ס'ווערט באַשלאָסן צו דרוקן די רעזאָלוציע, ווי אויך זייער צושריפט, אין „פריינד“, און די רעדאַקציע פון „פריינד“ זאָל איבער דעם געבן אַ דערקלערונג אין דעם זעלבן נומער.

פון „אינדעפּענדענט ארבעטער רינג“, — שיקן צו פאָלגענדע רעזאָלוציע:

## רעזאָלוציע וועגן ניו־יאָרקער ארבעטער רינג

„די פופצענטע קאָנווענשן פון אינדעפּענדענט ארבעטער־רינג פאַרזאַמלט אין האַרטפאָרד, קאָנ., פאַרהאַנדלענדיק די רעזאָלוציע פון דער באָסטאָנער קאָנווענשן פון ארבעטער רינג וועגן פאַראייניגונג און נאָך אַן אַלזייטיקער דיסקוסיע וועגן דער פראַגע, איז די קאָנווענשן געקומען צום שלוס, אַז אַ פאַראייניגונג פון אינדעפּענדענט ארבעטער רינג מיט דעם ארבעטער רינג קען ניט געשען צוליב פּרינציפּיעלע און פּראַקטישע טעמים; אויף וויפיל דער אָנבאָט פון פאַראייניגונג דריקט אויס די פריינדשאַפט פון דעם ארבעטער רינג צום אינדעפּענדענט ארבעטער רינג, באַגריסן מיר דעם ארבעטער רינג און דריקן אים אויס אונזער דאַנק. עס איז די האָפנונג, אַז די באַציאונגען פון ביידע אָרגאַניזאַציעס וועלן בלייבן פריינדלאַכע.“

באַשלאָסן צו פיילן.

פון דובראָווסקיס אָפּיס, — אויף אונזער אָנפראַגע וועגן די סקווירער רעליף געלדער, ענטפערן זיי, אַז זיי האָבן געקראָגן $9,500, און אויף די דאָזיקע געלדער זיינען איינגעקויפט געוואָרן פאַרשידענע פּראָדוקטן און מעדיצינישע שטאָפן, וועלכע זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד, און קבלות פון סקוויר, אַז די דערמאָנטע רעליף מיטלען זיינען דערהאַלטן און ריכטיק פאַרטיילט געוואָרן, וועט דר. דובראָווסקי ברענגען מיט זיך פערזענלאַך. פר. געליעבטער דערקלערט, אַז אַ קאָפּיע פון דעם בריף איז געשיקט געוואָרן צום סקווירער ברענטש 165.

פון לבנון האָספּיטאַל, — באַדאַנקען פאַר די $500, וואָס זיינען באַוויליקט געוואָרן פאַר זיי לעצטן יאָר.

פאָלגענדע טאָראָנטער האָספּיטאַלס באַדאַנקען פאַר דער שטיצע פון לעצטן יאָר:

טאָראָנטאָ וועסטערן האָספּיטאַל, $50.00
טאָראָנטאָ דזשענעראַל האָספּיטאַל, $100.00
מוסקאָקאַ האָספּיטאַל, פאַר קאָנסאָמפּטיווס, $25.00
האָספּיטאַל פאַר קראַנקע קינדער, $50.00.

פון בר. 19, 39 און 128, — זיי בעטן צו געבן זיי אַ דערקלערונג אויף דעם צ שריפט וואָס בר. 225 האָט אַרויסגעשיקט. עס ווערט באַשלאָסן אויסצואַרבעטן אַן אַלגעמיינע דערקלערונג וועגן דער פראַגע און אַרויסשיקן די דאָזיקע דערקלערונג צו אַלע ברענטשעס פון ארבעטער רינג. אַלס קאָמיטע אויסצואַרבעטן די דערקלערונג ווערן דערוויילט פר. ל. ראָטהמאַן, ר. זאָלצמאַן און ה. לאַנג.

פון דער דענווער אידישער קאָמיטע צו העלפן די אידן, וועלכע האָבן געליטן אין פּאָעבלאָ פון דער לעצטער פאַרפלייצונג, — זיי בעטן, אַז דער ארבעטער רינג זאָל אַרויסשיקן אַן אַפּיל צו די ברענטשעס צו העלפן זיי שאַפן אַ פופציק טויזנט דאָלער פאָנד. באַשלאָסן דעם צושריפט צו פיילן.

פון בר. 206, — שיקן צו 4 טיקעטס צו אַ באַנקעטל, וואָס ווערט געגעבן פאַר זייערע 2 מיטגלידער, — ר. גוסקין און גאָרעליק. עס ווערן ערוויילט פר. לאַנג, ל. ראָטהמאַן און ראָבערטס.

---

פר. אַשפּיז דערקלערט, אַז ער האָט ניט געקענט אַטענדן צו לאָק. 169 בעקער יוניאָן וועגן דער מעטש קיים. ער פאַרשפּרעכט דאָס צו אַטענדן אין דער נאָענטער צוקונפט.

## סעקרעטאַרס רעפּאָרט

פר. באַסקין, גענעראַל־סעקרעטאַר, באַריכטעט, אַז ער איז געווען אין באָסטאָן וועגן דורכפירן די פאַראייניגונג מיט'ן לייבאָר ליג. זי וועט וואַרשיינלאַך אין גיכן דורכגעפירט ווערן. מאַיר לאָנדאָן און מר. עלדרידזש זיינען ווידער געווען אין קענעדע. דער דאָרטיקער אינשורענס דעפּאַרטמענט פאָדערט, אַז די קראַנקן־בענעפיט זאָל אויך געצאָלט ווערן לויט אַ באַשטימטער רייט, אָפּהענגיק פון די יאָרן פון די מיטגלידער.

אין מאַנכע שטאַטן זיינען אונזערע טשאַרטערס באַנייט געוואָרן. אין פילע שטאַטן איז ניט נייטיק צו באַנייען דעם טשאַרטער, ווייל דער טשאַרטער, וואָס זיי גיבן אַרויס, ווערט אויטאָמאַטיש באַנייט יעדן יאָר.

צו דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ טשעק אויף 40 טויזנט דאָלער, און אַ באַזונדערער טשעק אויף 3 טויזנט דאָלער פאַר די קינדער־שולן אין פוילן. ער גיט אויך איבער דעם צושטאַנד פון איוביגע פאָנדס, און זיין רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסן.

עס ווערט באַשטימט, אַז די פאַרזעצונג פון דעם מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן דעם קומענדן דינסטאָג, דעם 12־טן יולי.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסן.

פ. געליעבטער, רעק. סעקרעטאַר.

---

אַ פאַרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרב. רינג ווערט אָפּגעהאַלטן דינסטאָג דעם 12־טן יולי, 8 אַ זייגער אין אָוועגט, מיט פריינד ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטן

פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרן, — זיי בעטן צו באַוויליקן די סומע פון $28.00 צו די 2 דירעקטאָרן — ב. דאַקסער,

מישיגען, $19.00, און ט. דייוויס, ווירדזשיניע, $9.00. זיי דויטן אָן, אַז די דערמאָנטע דירעקטאָרן זיינען אַרויסגעפאָרן באַריכטן אין זייערע סטייטס איידער זיי האָבן געוואוסט פון דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו ניט צו באַוויליקן די $125.00, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט פאַר דעם צוועק פאַר אַלע מיטגלידער פון דער נ. ב. א. ד. זיי בעטן אויך אַרויסצושיקן זייער צושרפיט צו די ברענטשעס, אין וועלכן זיי גיבן אַן ענטפער אויף דעם בריף פון בר. 225. עס ווערט באַשלאָסן צו באַוויליקן זייער פאַרלאַנג.

די נ. ב. א. ד. גיט אויך איבער שריפטלאַך זייער אַנטשיידונג וועגן פאָלגענדע קלאַגן און אַפּילס:

1) אַפּיל פון בר. 147 געגען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וואו זיי פאַרלאַנגען, אַז די קלאַגע געגען זייער סעקרעטאַר זאָל פריער פאַרגעבראַכט ווערן פאַר דעם ברענטש, איז צוריקגעוויזן געוואָרן, מיט דער פאַרשטענדניש דאָס מען זאָל זיי צושיקן די פּראָצעדור פון דער קייס, אין פאַלס זיי וועלן ניט זיין צופרידן מיט דער האַנדלונג נאָכדעם ווי זיי וועלן האָבן אַלע איינצלהייטן, קענען זיי אַפּעלירן געגן דעם באַשלוס צו די נאַצ. ב. א. ד.

2) אַפּיל פון יעקב לעווין געגן דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, פאַרוואָס מען האָט אים ניט צוגעצויגן אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אַלס דעם נעקסטן וואָס האָט געקראָגן די גרעסטע צאָל שטימען, איז צוריקגעוויזן געוואָרן. די דירעקטאָרן זיינען מיט דער מיינונג, אַז אַ לערער אין אַן אַרב. רינג שולע איז יאָ אַן אָנגעשטעלטער פון אַ. ר., און אַלס אַזעלכער קען ער ניט זיין קיין מיטגליד אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

3) אַפּיל פון בר. 288 געגן דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע, אויך פון פריינד רובין, דער אָנגעקלאָגטער אין דער דאָזיקער קייס, וואו ביידע צדדים זיינען אומצופרידן געווען מיט דער אַנטשיידונג פון דער גריוועגנס קאָמיטע. דער באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע איז צוריקגעוויזן געוואָרן און די דירעקטאָרן האָבן גוטגעהייסן די האַנדלונג פון ברענטש אין שטרייכן פריינד רובין פון ברענטש, אויסהערנדיק די טענות און אַרגומענטן פון פר. רובין, וואו ער האָט זיך אַליין מודה געווען, אַז ער איז געווען פאַרביטערט געגן די אַרבעטער פון שאַפּ, וואו ער איז געווען פאָרמאַן, און ער האָט אין פּאָקיפּסי, וואו די באַלעבאַטים האָבן אויפגעעפנט אַ שאַפּ אום צוצוברעכן דעם סטרייק וואָס איז געגן זיי אַרויסגערופן געוואָרן, געאַרבעט מיט סקעבס, און ניט נאָר געאַרבעט אַליין, נאָר אויך געלערנט פילע אַרבעטער דעם טרייד, אום צו שעדיקן דעם סטרייק.

דער ברענטש האָט צו אים געשיקט עטלאַכע קאָמיטעס, אויפפאָדערנדיק, אַז ער זאָל דאָס מער ניט טאָן, ער האָט זיך אָבער אַלע מאָל אַנטזאַגט פון אויספאָלגן די באַשלוסן פון ברענטש. ער איז אַן אַלטער מיטגליד פון אַ. ר., און ווי ער אַליין גיט צו, האָט ער געוואוסט וואָס די רעזולטאַטן וועלן ברענגען, און דעריבער דענקן מיר, אַז קיין פאַרגעבונג איז ניטאָ פאַר אַזאַ מיטגליד, און אַז ער איז ניט פּאַסנד פאַר'ן אַ. ר.

4) אַפּיל פון בר. 168 געגען דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע און אויך פון פר. גאָף, וועלכער איז דער אָנגעקלאָגטער אין דער דאָזיקער קייס, וואו ביידע צדדים זיינען געווען אומצופרידן מיט דעם באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע. די ביידע אַפּילס זיינען צוריקגעוויזן געוואָרן און דער באַשלוס פון דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע איז גוטגעהייסן געוואָרן.

5) אַפּיל פון בר. 166, פּעטערסאָן, געגן דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע, פאַרוואָס זיי האָבן צוריקגעוויזן דעם באַשלוס פון ברענטש אין שטראַפירן פריינד לואיס שטיין מיט 99 דאָלער. דער אַפּיל איז צוריקגעוויזן געוואָרן, און דער באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע גוטגעהייסן.

6) אַפּיל פון דזש. מילער, מיטגליד פון בר. 11, געגען דער נאַציאָנאַלער גריוועגנס קאָמיטע אין גוטהייסן דעם באַשלוס פון בר. פאַר דער שטראָף וואָס זיי האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט, זייענדיק אַ פאָרמאַן אין אַ שאַפּ, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ סטרייק, און וואו ער האָט געהאָלפן צעברעכן דעם סטרייק. דער אַפּיל איז צוריקגעוויזן געוואָרן, און דער באַשלוס פון דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע איז גוטגעהייסן געוואָרן.

7) אַפּיל פון פר. שוסטערמאַן, מעמבער עט לאַרדזש, שיקאַגאָ, געגען דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע פאַר ענטזאַגן אים אויסצוצאָלן פאַר 8 וואָכן קראַנקן־בענעפיט. דער אַפּיל איז צוריקגעוויזן געוואָרן און דער באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע איז גוטגעהייסן געוואָרן.

8) אַפּיל פון בר. 204, מאָנטריאָל, געגען דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע פאַר אַרונטערנעמען די שטראָף, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַ מיטגליד אין אַ סכסוך, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ צווייטן מיטגליד פון ברענטש. דער אַפּיל איז צוריקגעוויזן געוואָרן, און דער באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע גוטגעהייסן.

9) אַפּיל פון פריינד ל. שוואַרץ, מיטגליד פון בר. 320, געגען דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע אין גוטהייסן די שטראָף, וואָס דער ברענטש האָט אויף אים אַרויפגעלייגט דערפאַר, ווייל ער האָט געהאָלפן ברעכן דעם סטרייק. דער אַפּיל איז צוריקגעוויזן און דער באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע גוטגעהייסן.

10) אַפּיל פון בר. 180 געגען דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע אין ענטזאָגן צו ריאינסטייטן זייערן אַ מיטגליד, מ. קאָהען, וועלכער האָט ניט געקענט דורכגיין עקזאַמינײשן. דער אַפּיל איז צוריקגעוויזן געוואָרן, און דער באַשלוס פון דער גריוועגנס קאָמיטע גוטגעהייסן.

---

פון לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע, — זיי שרייבן, אַז לויט דעם באַריכט פון זייערע דעלעגאַטן, האָט די קאָנווענשן באַשלאָסן, אַז די אַרבעטער רינג געביידע אויף דעם לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום זאָל געשטעלט ווערן איבער דער השגחה פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו. זיי בעטן דערום זיי צו לאָזן וויסן צי זיי זאָלן איבערשיקן צו אונז די געלדער וואָס זיי האָבן ביז יעצט געזאַמלט פאַר דעם צוועק. עס ווערט באַשלאָסן זיי צו ענטפערן, אַז זייערע דעלעגאַטן האָבן זיי מיסאינפאָרמירט; אַז די קאָנווענשן האָט אַזאַ באַשלוס ניט געפאַסט, און פאָלגלאַך קענען מיר ניט אָננעמען ביי זיי די דאָזיקע געלדער.

פר. גאָליעבטער דערקלערט אַז ה' ב. ביירענשטיין, אַ פאַרטרעטער פון דער עקס־פּאַציענטן היים אין דענווער, האָט געבעטן אַ קרעדענשל צו אונזערע ברענטשעס איבער'ן לאַנד.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז דער אָפיס זאָל אויסגעפונען אויב ער איז ווירקלאַך פאַרבונדן מיט דעם אַנשטאַלט, און אויב יאָ, אים שיקן אַזאַ קרעדענשל.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע

פר. הערמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון אַ שיקאַגאָר ברענטש האָט אַפּעלירט געגן באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפן אים מיט $99. ער האָט דערקלערט אַז אַלס באָס האָט ער איינגעזען אַז זיין פּלאַץ איז יעצט ניט אין אַרבעטער רינג, און ער האָט אַריינגעשיקט אין ברענטש זיין רעזיגנאַציע. דער ברענטש האָט אים אָבער באַשטראָפט מיט $99.99 ניט אָננעמענדיק זיין רעזיגנאַציע. דער ברענטש ווידער האָט דערקלערט, אַז דער באַטרעפנדער איז געווען פּרעזידענט פון זיין יוניאָן, אויך סעקרעטער פון ברענטש, אָבער יעצט איז ער געווען דער פאַרביסנסטער שונא פון דער יוניאָן, און צוזאַמען מיט דער אָרטיקער באָסעס אַסאָסיאיישן קעמפט ער פאַר אָפּען שאַפּ און געגען דער יוניאָן. זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל אַרויס פון דער באָסעס אַסאָסיאיישן און איינפירן ביי זיך אַ יוניאָן־שאַפּ, און נאָכדעם ווי ער האָט אַנטזאַגט, האָט דער ברענטש באַשלאָסן אים צו באַשטראָפן מיט $99.99. די נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן גוטצוהייסן די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון אַ ניו־יאָרקער ברענטש האָט אַפּעלירט געגן באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכן אים. דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז דער באַטרעפנדער האָט פאַרנומען ברענטש־געלדער, זייענדיק טרעזשורער פון ברענטש, און זיי זיינען געצוואונגען געווען די סומע אויפצומאָנען ביי דער באָנד קאָמפּאַני. זיי האָבן דערום באַשלאָסן אים צו שטרייכן פאַר פאַרנעמען ברענטש געלדער. די גריוועגנס קאָמ. האָט די האַנדלונג פון ברענטש גוטגעהייסן.

אין בר. 119 איז פאָרגעקומען אַ סכסוך צווישן 2 מיטגלידער; איינער האָט דעם צווייטן געגעבן אַ קלאַפּ דורכוועטלענדיק ביי זייער יובילייאום באַנקעט. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו באַשטראָפן דעם מיטגליד, וועלכער האָט געגעבן דעם קלאַפּ, מיט $5.00 פאַר'ן אַרבעטער רינג רעליף־פאָנד. אַ פאַרטרעטער פון דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע איז געווען ביים מיטינג פון ברענטש אויסצוגעפינען דעם כאַראַקטער פון דער קלאַגע, און ווי עס האָט זיך אַרויסגעציגט, איז דער צווייטער מיטגליד, וועלכער האָט געקראָגן דעם קלאַפּ, אויך געווען אַביסל אויפגערעגט אין דער צייט פון סכסוך.

אַ מיטגליד פון אַ ניו־יאָרקער ברענטש האָט אַפּעלירט געגן באַשלוס פון ברענטש ניט אויסצוצאָלן אים $104, וואָס זיי האָבן געקליבן פאַר אים דורך אַ ראַפל, ווען ער האָט פאַרלאָרן אַ האַנט. דער ברייטנ̈יש האָט דערקלערט, אַז זיי האָבן געמאַכט דעם ראַפל ניט פאַר אים אַליין, נאָר פאַר עטלאַכע קראַנקע מיטגלידער; אַז ווען דער ראַפל איז אַרויסגעשיקט געוואָרן, האָט דער מיטגליד געסטעלט מיט דער פירמע, וואו ער האָט געאַרבעט און פאַרלאָרן אַ האַנט. דער ברענטש האָט דאַן באַשלאָסן, אַז ווען ער וועט גיין אין ביזנעס, וועט מען אים אויך געבן $104, ווייל דער ברענטש גלויבט, אַז דער באַטרעפנדער נייטיקט זיך יעצט אין דעם געלט ניט, אין ביזנעס גייט ער אויך ניט, פאָלגלאַך איז ער ניט באַרעכטיקט צו דער סומע. זיי האָבן אויך אָנגעדייטעט, אַז דער ברענטש האָט יענעם באַזונדער געשטיצט מיט עטלאַכע און זעכציק דאָלער. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן, אַז די $104 באַלאַנגען צום אַפּעלאַנט, נאָר דער [illegible] איז געהאַט אַ רעכט צו באַשטימען, אַז ער וועט אויסצאָלן די סומע, ווען דער באַטרעפנדער וועט גיין אין ביזנעס.

אַ מיטגליד פון בר. 580 האָט אַפּעלירט געגן באַשלוס פון ברענטש צו מאָנען פון אים אַ טעקס פון 6 דאָלער פאַר אַ באַנקעט, צו וועלכן ער איז ניט געקומען צוליב דעם וואָס דאָס איז געווען געצוואונגען.

דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז דער אַפּעלאַנט האָט ניט קיין גרונד צו אַנטזאַגן זיך פון דעם טעקס, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מאַיאָריטעט שטימען ביי אַ ספּעשל מיטינג. די גריוועגנס קאָמיטע האָט גוטגעהייסן די האַנדלונג פון ברענטש און צוריקגעוויזן דעם אַפּיל.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ ברענטש אין קאָנעטיקוט סטייט האָט צוגעשיקט 30 סערטיפיקייטס פאַר 1 מיטגליד. 15 פון די סערטיפיקייטס זיינען מיט אומגעפער אַ יאָר צוריק צוריקגעשיקט געוואָרן צום ברענטש, פאַרלאַנגענדיק אויך אַ סטייטמענט פון האָספּיטאַל, וואו דער מיטגליד איז אָפּערירט געוואָרן אויף אַפּענדיסייטיס. זיי האָבן יעצט צוגעשיקט דעם האָספּיטאַל אַ סטייטמענט, וועלכער צייגט צו זיין אַרויסגעגעבן מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, אָן שום דערקלערונג וואָרום זיי האָבן די סערטיפיקייטס און דעם סטייטמענט אָפּגעהאַלטן אַזאַ לאַנגע צייט. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן איבערגעבן צו דער האַרטפאָרד דיסטריקט קאָמיטע צו אונטערזוכן.

בר. 647, פון בעטה ביטש, האָט געבעטן, אַז אַ מעדיקאַל עקזאַמינער זאָל אָנגעשטעלט ווערן אין זייער דיסטריקט, אום זיי זאָלן ניט דאַרפן זייערע נייע קאַנדידאַטן פירן אין ניו־יאָרק פאַר עקזאַמיניישן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַוויליקן זייער פאַרלאַנג, און עס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער מעדיקאַל אדווייזאָרי באָרד צו רעקאָמענדירן אַ דאָקטער אין יענעם געגנט.

די מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע באַזוכן ברענטשעס אין און אַרום ניו־יאָרק וואו עס איז דאָ אַ פראַגע וועגן אַ צווייפלהאַפטע בענעפיט. אין פאַלן, וואו מיטגלידער פון אויסער ניו־יאָרק זיינען קראַנק אין ניו־יאָרקער האָספּיטאַלס, און די מיטגלידער מעלדן וועגן דעם אין אָפיס, ווערן די דאָזיקע באַזוכט פון מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע.

די בענעפיט קאָמיטע איז געווען פאַרטראָטן ביי דער קאָנפערענץ פון דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פון אַ. ר. זיי האָבן דאָרט באַשלאָסן ניט צו באַוויליקן קיינע קאַרדס צו ספּעציאַליסטן דאָקטוירים פאַר מיטגלידער פון ברענטשעס, וועלכע באַלאַנגען ניט צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט. אויסזעענדיק, אַז דער דאָזיקער באַשלוס פון דער קאָנפערענץ איז אָנגענומען געוואָרן נאָכדעם ווי די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט איבער דעם געהאַנדלט, און נאָכדעם ווי דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט איינגעשטימט אַזעלכע קאַרדס יאָ צו באַוויליקן, האָט די בענעפיט קאָמיטע באַשלאָסן צו רעקאָמענדירן, אַז דער אָפיס זאָל אַליין מאַכן פאַרבינדונגען מיט ספּעציאַליסטן דאָקטוירים און שיקן צו זיי אַזעלכע קראַנקע מיטגלידער, וועלכע ווענדן זיך צום אָפיס.

פר. גאַליעבטער דערקלערט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט אום איבערגעגעבן, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט קאַרדס צו ספּעציאַליסטן, איז די פראַגע געבליבן ווי ביז יעצט, דאָס הייסט, אויפ'ן פאַרלאַנג פון אָפיס וועלן אַזעלכע קאַרדס געגעבן ווערן צו מיטגלידער פון ברענטשעס, וועלכע זיינען ניט אָנגעשלאָסן אָן זייער דעפּאַרטמענט. עס ווערט באַשלאָסן די פראַגע וועגן מעדיקאַל דעפּאַרטמענט נאָכאַמאָל איבערצוגעבן צו דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פאַרטרעטער פון אַ גרופּע מעמבערס עט לאַרדזש אין פּעטערסאָן האָבן געבעטן, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליקן אַ ברענטש, צו וועלכן זיי זאָלן קענען באַלאַנגען. ווי זיי האָבן דערקלערט, איז דער גייסט פון די פריערדיקע רייסערייען פאַרשוואונדן, און ס'איז ניטאָ קיין אורזאַך צו אָנטזאָגן זייער פאַרלאַנג. ער (דינערשטיין) איז געווען אין פּעטערסאָן וועגן דער פראַגע און געהאַט אַ מיטינג מיט דער אָרטיקער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וואו עס זיינען דאַמאָלס אויך געווען אַנוועזנד פילע זייטיקע מיטגלידער פון אַ. ר. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן פאָרלויפיק די פראַגע אָפּצולייגן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט.

דער ניי־געגרינדעטער ברענטש אין פאָל ריווער האָט באַשלאָסן אָנצופירן אַ קאַמפּיין פאַר 100 מיטגלידער.

די מילוואָקי דיסטריקט קאָמיטע האָט באַריכטעט, אַז זיי האָבן באַזוכט איניגע ברענטשעס פון זייער דיסטריקט, אום אויפצולעבן די אַרבעט. זיי האָבן אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז דער ברענטש אין קענאָשאַ, וואָס איז יעצט ווידער געגרינדעט געוואָרן, איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ געזונטן באָדן.

דער ניי־געגרינדעטער ברענטש אין וואָוסטער, מאַס., גרייט זיך צו טאָן לעבעדיקע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט.

פר. לעוויטאַן איז געווען פאַרטראָטן אין באָסטאָן ביי דער קאָנפערענץ צו ערוויילן אַ דיסטריקט קאָמיטע. זיי האָבן בדעה צו ערוויילן אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַר'ן גאַנצן סטייט, נאָר נאָכדעם ווי פר. לעוויטאַן האָט זיי דערקלערט, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע און פירונגען האָבן מיר איבעראַל סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, האָבן זיי ערוויילט 2 זיבענער קאָמיטעס (אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע) פאַר באָסטאָן און אומגעגנט. פר. לעוויטאַן איז ערוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער קאָמיטע, און פר. קאַנאָוויץ איז ערוויילט געוואָרן אַלס ספּעציעלער טשערמאַן פון דער קאָנפערענץ גופא.

פר. לעוויטאַן איז אויך געווען אין וואָוסטער, וואו ער האָט געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט אַרבעטער רינג און לייבאָר ליג טוער. ס'איז דאָרט ערוויילט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון 10, וועלכע באַשטייט פון 5 מיטגלידער פון אַ. ר. און 5 מיטגלידער פון לייבאָר ליג. עס איז דאָרט אויך באַזונדער ערוויילט געוואָרן אַן עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו רופן קאָנפערענצן אין ספּרינגפיעלד, פאָל־ריווער, און לאָורענס, מאַס., און גרינדן דאָרט דיסטריקט קאָמיטעס. אויך איז באַשלאָסן געוואָרן צו אַראַנזשירן מאַס־מיטינגען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט פון אַרבעטער רינג פון פאַרשידענע טריידס. אויב מעגלאַך, זאָלן דאָרט אויך גערופן ווערן קאָנפערענצן מיט פאַרטרעטער פון פאַרשידענע יוניאָן טוער וועגן אַרבעטער רינג טעטיקייט אין יענעם סטייט.

פר. לעוויטאַן איז געווען אין איסטאָן און אין עלענטאַון, פּא. די באַאַמטע פון ברענטש פון עלענטאַון האָבן אַרויסגעצויגן פון שטאָט און ס'איז דערום געווען שווער צוזאַמענצורופן אַ מיטינג פון ברענטש. ער האָט זיך אָבער דורכגערעדט פּריוואַט מיט עטלאַכע מיטגלידער, און זיי האָבן דערקלערט, אַז אין איניגע טעג אַרום וועלן זיי האָבן אַ מיטינג צו ערוויילן באַאַמטע. אין איסטאָן איז די הויפּט־צרה וואָס עס איז ניטאָ קיין סעקרעטאַר. דער פריערדיקער סעקרעטאַר האָט ניט געוואָלט אָננעמען דעם אַמט, דערקלערנדיק, אַז די מיטגלידער קומען ניט צו קיין מיטינגען און דערום וויל ער דעם אַמט ניט האַלטן. ס'איז ביים מיטינג, וואו ער איז אַנוועזנד געווען, באַשלאָסן געוואָרן צו אַראַנזשירן אַן אַ. ר. שול, און אַ נייער סעקרעטאַר איז ערוויילט געוואָרן.

פר. זאַלצמאַן איז געווען פאַרטראָטן ביים יובילייאום פון בר. 352. ס'איז געווען זייער אַ שיינער יום־טוב, און ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

עס איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן אָרגאַניזאַציאָנס ליפלעט, וואָס זאָל פאַרשפּרייט ווערן אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז נאָכדעם ווי די פאַראייניגונג מיט'ן לייבאָר ליג וועט פאָרקומען זאָל צו פריינד יאָנאַס, סעקרעטאַר פון לייבאָר ליג, געגעבן ווערן אַ באָנוס, וואָס זאָל דעקן זיין געהאַלט פאַר 6 מאָנאַטן צייט.

אין מאַנכע ברענטשעס ווערן די מיטינגען די לעצטע צייט געהאַלטן ניט זייער רעגלמעסיק. די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווענדט זיך אין אַזעלכע פאַלן צו די באַטרעפנדע דיסטריקט קאָמיטעס, אַז זיי זאָלן די דאָזיקע ברענטשעס באַזוכן און אָננעמען מיטלען אויפצולעבן די ברענטשעס.

טעכנישע ענדערונגען וועלן געמאַכט ווערן אין דער צוזאַמענשטעלונג פון מאַנכע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס. די צאָל פון איניגע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס וועט פיליכט פאַרקלענערט ווערן. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע דענקט, אַז די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע קען רעדוצירט ווערן צו 15 אנשטאָט 25, ווי יעצט.

לויט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשן, דאַרף די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט דורכגעפירט ווערן פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. די לעצטע האַלט יעצט אין אויסאַרבעטן אַ גענויען פּלאַן פאַר דער טעטיקייט, און וועט נאָכהער האָבן אַ געמיינשאַפטלאַכן מיטינג מיט דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, דורכצורעדן זיך וועגן דער פראַגע.

אין פאַרלויף פון דעם מאָנאַט איז אינסטאָלירט געוואָרן דער באָברער ברענטש 375.

פון אַנטאָפּאָלער סאָסייעטי זיינען עקזאַמינירט געוואָרן איבער 150 קאַנדידאַטן. אָבער צוליב דעם וואָס מאַנכע זיינען ניט דורכגעגאַנגען דעם דאָקטער עקזאַמיניישן, קווענקלט זיך די סאָסייעטי אָנצושליסן זיך אַלס ברענטש, אָבער אַ גרופּע פון דער סאָסייעטי וועט זיך אָנשליסן אַלס ברענטש פון אַ. ר. אונטער אַלע אומשטענדן.

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, דערקלערט, אַז אין צייט פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין איז פאַראַן גענוג אַרבעט אַפילו פאַר מער ווי 25 פּערזאָן, פון וויפיל די סיטי אָרג. קאָמ. באַשטייט יעצט. ער זאָגט, אַז אַ דאַנק דער סיטי קאָמיטע אַרבעטן זיך אויס נייע טוער פון אַ. ר. און עס איז דערום ניט ווינשנסווערט צו פאַרקלענערן די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז די נאַצ. אָרג. קאָמ. זאָל האָבן אַ געמיינשאַפטלאַכן מיטינג מיט דער סיטי אָרג. קאָמיטע, כדי זיך דורכצורעדן מיט זיי וועגן דער פראַגע.

די רעקאָמענדאַציע וועגן באָנוס פאַר פר. יאָנאַס ווערט אָנגענומען.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. גורעוויטש, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פר. יעקב לעווין האָט געוואָלט רעזיגנירן פון דער שול אַלס לערער, אום צו ווערן אַ מיטגליד פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. די שול־קאָמיסיע האָט אָבער זיין רעזיגנאַציע ניט אָנגענומען, און פר. כאַנין איז צוגעצויגן געוואָרן אַלס דער נעקסטער מיטגליד אויפ'ן באַלאָט אין דער קאָמיטע.

פר. י. ב. ביילין איז אָנגעשטעלט געוואָרן אויפ'ן נעקסטן יאָר אַלס רעדאַקטער פון „פריינד“ און סעקרעטאַר פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די געלדער, וועלכע זיינען געקליבן געוואָרן פון די אַרבעטער רינג קינדער־שולן, זאָלן איינגעטיילט ווערן ווי פאָלגט: פאַר וואַרשעווער שולן—$1000; לאָדזער שולן—$400; ביאַליסטאָקער שולן—$600; ווילנער שולן—$1000. די דאָזיקע $3000 זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער פיפלס רעליף קאָמיטע.

פר. י. ב. ביילין האָט באַזוכט די שולן אין האַמילטאָן, טאָראָנטא און מאָנטריאָל. ער האָט אויך דאָרט געהאַט קאָנפערענצן מיט די שול־טוער און זיך דורכגערעדט וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די שולן.

דער „לייבאָר איידזש“ דער ענגלישער זשורנאַל, וועלכער האַלט אין אַרויסגעגעבן ווערן אויף דעם פּלאַץ פון דעם פריערדיקן זשורנאַל „סאָציאַליסט רעוויו“, האָט איינגעלאַדן צו שיקן אַ פאַרטרעטער צו דער פאַרוואַלטונג פון זייער זשורנאַל. עס איז באַשלאָסן געוואָרן ניט צו שיקן קיין פאַרטרעטער, ווייל די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פירט אָן איר אויפקלערונגס און קולטורעלע אַרבעט צווישן די אידישע אַרבעטער אויף אידיש.

אין דעטראָיט און אין פילאַדעלפיע זיינען געעפנט געוואָרן 2 נייע אַ. ר. שולן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אין ניו־יאָרק אַ מיטל־שולע, אום צו געבן אַ געלעגנהייט די קינדער, וועלכע האָבן געענדיקט די עלעמענטאַרע שולן, פאָרצוזעצן זייערע למודים אין העכערע קורסן. עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן פונקטן וועגן די באַציאונגען מיט דער שול־קאָמיסיע, אַזוי, צום ביישפיל, אַז פראַגן פון אָננעמען און באַשטימען לערער דאַרף גוטגעהייסן ווערן פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע; אַז וועגן יעדער נייער פראַגע אין דער שול־טעטיקייט ברענגט די שול־קאָמיסיע אַ רעקאָמענדאַציע פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע א. ד. ג.

אין דרוק וועלן איבערגעגעבן ווערן פאָלגענדע ביכער:

1) „פּאָגראָמען אין אוקראַינע“, פון פראָפעסאָר חפץ.
2) „פיזיאָלאָגיע„ פון דר. מעריסאָן.
2) „קינדער־שפּילן“, פון שטיינבוים.

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט באַוויליקט די אַדרעסן פון די ברענטשעס פאַר דעם נייען קונסט־טעאַטער.

---

פר. ל. ראָטהמאַן פרעגט, צי די אָרטאָגראַפיע פון „פריינד“ איז געענדערט געוואָרן מיט דער צושטימונג פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע. פר. גורעוויטש דערקלערט, אַז ער ווייס ניט וועגן אַזאַ באַשלוס.

עס ווערן געשטעלט פראַגן, וואָרום דער „פריינד“ קומט ניט אָן פּינקטלאַך צו אַלע מיטגלידער. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ווערט באַאויפטראַגט אָנצונעמען מיטלען, אַז דער „פריינד“ זאָל אָנקומען צו אַלע מיטגלידער.

פר. גילמאַן רעקאָמענדירט, אַז דער „פריינד“ זאָל אַרויסגעשיקט ווערן פון נואַרקער פּאָסט אָפיס אנשטאָט פון פּאַסייק, ווייל דער נואַרקער פּאָסט אָפיס איז אַ גרעסערער, און דאָס וועט פיליכט העלפן, אַז דער „פריינד“ זאָל מער פּינקטלאַך אַרויסגעשיקט ווערן.

די פראַגע פון דער נייער אָרטאָגראַפיע פון „פריינד“ ווערט איבערגעגעבן צו דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע צו פאַרהאַנדלען.

דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. נעכאַמקין, וויס־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 127 איז אַריינגענומען געוואָרן אויף נאָך דריי מאָנאַטן אין סאַניטאַריום, אויסער די זעקס מאָנאַטן, וואָס ער איז פריער געווען. דער טערמין פון די זעקס מאָנאַטן פון דעם באַטרעפנדן האָט זיך געענדיקט דעם 17־טן יולי 1917. לויט דעם באַשלוס פון דער דאַמאָלסדיקער עקזעקוטיוו קאָמיטע זיינען באַרעכטיקט צו 9 מאָנאַטן אַלע פּאַציענטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין סאַניטאַריום ווען דער רעפערענדום איז אָנגענומען געוואָרן. אַזוי ווי דער רעפערענדום איז געשלאָסן געוואָרן דעם 17־טן יולי 1917, דעם לעצטן טאָג פון דעם באַטרעפנדנס טערמין, איז ער לויט יענעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו באַרעכטיקט צו 3 מאָנאַטן.

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן, אַז מילך זאָל ביי דעם פאַרמער גענומען ווערן בלויז אַזוי פיל וויפיל מיר דאַרפן פאַר'ן געברויך אין סאַניטאַריום, און ניט די גאַנצע מילך וואָס די פאַרם פּראָדוצירט. דאָס וועט וואַרשיינלאַך שפּאָרן דעם סאַניטאַריום היבשע אויסגעבן אין פאַרלויף פון יאָר.

דער פריערדיקער אינזשעניר איז אַוועקגעשיקט געוואָרן און אַ צווייטער איז אָנגעשטעלט געוואָרן. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען אַוועק פון סאַניטאַריום אויף עטלאַכע טעג פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן, זאָלן פאַר דער צייט ניט קריגן באַצאָלט.

דעם 4־טן יולי איז אין סאַניטאַריום געווען אַ שטיקל יום־טוב. די פּאַציענטן האָבן געהאַט אַ פּיקניק דעם גאַנצן טאָג, און ס'איז צו דער געלעגנהייט געגעבן געוואָרן אַ קאָנצערט, אין וועלכן עס האָבן זיך פרייוויליק באַטייליקט דער באַוואוסטער אַקטיאָר גאָלדענבורג און אַנדערע.

די סאַניטאַריום קאָמיטע זוכט יעצט אַן אַסיסטענט מענעדזשער, וועלכער זאָל אָפּגעבן זיין גאַנצע צייט צו דער טייל פון פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום, ווייל פאַר'ן דאָקטער איז אָפּטמאָל שווער צו האָבן אויפזיכט אי איבער דער מעדיצינישער זייט און אי איבער דער פאַרוואַלטונג. די קאָמיטע האָט אין אויסזיכט אַ פּאַסנדע פּערזאָן פאַר דער שטעלע און פירט מיט אים פאַרהאַנדלונגען.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרקויפן דעם יעצטיקן אויטאָמאָביל און קויפן אַ קערעדזש, ווייל ס'איז שווער צו פאַרקויפן די פערד, און אויף אַזאַ אופן וועט מען קענען די פערד אויסנוצן צו פאָרן אין ווילעדזש.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ פאָנד פּאַר אַ רעקריאיישן בילדינג. דער פאָנד זאָל געקליבן ווערן דורך פרייוויליקע ביישטייערונגען פון מיטגלידער און ברענטשעס.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשטימט אויסצורייניקן און פיקסן דעם „לייק“. דאָס וועט דאַרפן קאָסטן אַרום 3 אָדער 4 טויזנט דאָלער.

פר. גוסקין גיט צו פאָלגענדעס צום רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע: דער „לייק“ איז יעצט זייער שמוציק, און איז לעצטנס כמעט ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. ס'איז דערום נייטיק, אַז דער „לייק“ זאָל געפיקסט ווערן, אַזוי אַז ער זאָל זיין ריין און טאַקע אַ צירונג פאַר'ן סאַניטאַריום.

די רעקריאיישן בילדינג איז אַ נויטווענדיקייט פאַר אונזער סאַניטאַריום, ווייל מיר מוזן האָבן אַ געביידע, וואו סאַי די פּאַציענטן און סאַי די אָנגעשטעלטע זאָלן האָבן וואו צו פאַרברענגען. אַזוי ווי דער דעפיציט פון דעם אויפהאַלטונגס־פאָנד פאַרשלינגט אַלע מאָל אַ גרויסן טייל פון סורפּלוס פון בילדינג פאָנד, וועט דער פאָנד פאַר דער רעקריאיישן בילדינג דאַרפן געשאַפן ווערן דורך פרייוויליקע ביישטייערונגען פון ברענטשעס און מיטגלידער.

צוליב דעם וואָס זומער־צייט גייען מאַנכע אָנגעשטעלטע אַוועק אַרבעטן אין די דערבייאיקע זומער־פּלעצער, און נאָך דעם סיזאָן קומען זיי צוריק אַרבעטן, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע באַשלאָסן, אַז אָנגעשטעלטע, וועלכע גייען אַליין אַוועק, זאָלן ניט צוריק אָנגעשטעלט ווערן אין סאַניטאַריום פאַר אַ יאָר צייט.

פר. נעכאַמקין איז געשיקט געוואָרן אין סאַניטאַריום אויף 2 וואָכן צייט, אום צו האָבן אויפזיכט איבער די פּראָדוקטן און אַנדערע זאַכן, איידער עס קומט אַריין אַן אַסיסטענט מענעדזשער.

---

זייער רעקאָמענדאַציע וועגן פיקסן דעם „לייק“ ווערט אָנגענומען.

די פראַגע וועגן שאַפן אַ פאָנד פאַר אַ רעקריאיישן בילדינג ווערט באַשלאָסן אָפּצולייגן.

דער רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ בריף איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די ברענטשעס מיט אינסטרוקציעס ווי צו רעכענען פאַר די טויזנט דאָלער פּאָליסי. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פאַר די 1000 דאָלער פּאָליסי זאָל דער מיטגליד איינצאָלן די רעגעלע איינטריטס־געלט און אויך דעם אונטערשיד אין מאָרטשוערי פאָנד, פון 400 ביז 1000 דאָלער, לויט די יאָרן פון דעם אַפּליקאַנט.

עס זיינען אינוועסטעט געוואָרן איבער 69 טויזנט דאָלער אין באָנדס, וועלכע באַטרעפן 75 טויזנט דאָלאר. אויך זיינען געקויפט געוואָרן קענעדער באָנדס פאַר 10 טויזנט דאָלער, ווייל מען האָט די דאָזיקע באָנדס געדאַרפט שיקן צום קענעדער אינשורענס דעפּאַרטמענט אַלס סעקיוריטי.

אַ באָי איז אָנגעשטעלט געוואָרן צייטווייליק אין אָפיס מיט געהאַלט פון 20 דאָלער אַ וואָך. ער טוט אַ טייל אַרבעט פאַר'ן „פריינד“ מיילינג דעפּאַרטמענט. זיין שכירות ווערט גערעכנט העלפט צום „פריינד“ און העלפט צום אָפיס.

די חובות פון די ברענטשעס צום אָפיס זיינען לעצטנס זייער געשטיגן. אַלע חובות פון די ברענטשעס צוזאַמען וועלן באַטרעפן אַרום 60 טויזנט דאָלער. אויף דעם ספּעציעלן בריף, וואָס איז צו די דאָזיקע ברענטשעס אַרוסגעשיקט געוואָרן, האָבן פילע געענטפערט, אַז זיי קענען ניט מאַכן די גאַנצע איינצאָלונג, ווייל אַ צאָל פון זייערע מיטגלידער זיינען אַרבעטסלאָז און צוליב דעם יעצטיקן עקאָנאָמישן קריזיס האָבן זיי חובות צווישן זייערע מיטגלידער.

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ ספּעציעלן בריף, וועלכער זאָל אַרויסגעשיקט ווערן צו די מיטגלידער פון יעדן ברענטש, וועלכער איז שולדיק אַ גרויסן חוב אין אָפיס.

די וואַוטשערס פון די קאָנווענשן אויסגאַבן זיינען אָפּגעטשעקט געוואָרן און מאַנכע אויסגאַבן זיינען ניט געווען קלאָר. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסן זיך דורכצושרייבן וועגן דעם מיט דער באָסטאָנער קאָמיטע, אום אויסצוגעפינען מער איינצלהייטן וועגן יענע וואַוטשערס.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו ברענגען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו די פראַגע וועגן דעם צי מען זאָל דערלויבן מיטגלידער פון 50 יאָר צו טרענספערירן זיך אין קלאַס „איי“ (אויף דער $1000 פּאָליסי), אָדער באַגרענעצן, אַז אין דעם קלאַס זאָל מען זיך קענען טרענספערירן ביז דער עלטער פון 45 יאָר. עס ווערט באַשלאָסן, אַז אין קלאַס „איי“ זאָלן קענען טרענספערירט ווערן מיטגלידער אין דעם עלטער ביז 45 יאָר.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסן.

## ציילער קאָמיטע

אַלס קאָמיטע צו ציילן דעם רעפערענדום באַלאָט פון דער לעצטער קאָנווענשן ווערן ערוויילט פר. ל. ראָטהמאַן און ליטאַוער.

---

עס ווערט באַשלאָסן צו באַוויליקן אַ פּרעזענט פון $50 פאַר די רעדאַקטערע פון קאָנווענשן בולעטין.

פ. געליעבטער, רעק. סעקרעטאָר.

---

דער רעגעלער מאָנאַטלאַכער מיטינג פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע פון אַ. ר. ווערט אָפּגעהאַלטן מיטוואָך אָוונט, דעם 3־טן אויגוסט, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## קאָמיטע

פון עקס־פּאַציענטן היים אין דענווער. — פריינד היימאַן באַדאַנקט דער עקזעקוטיוו פאַר געבן אים אַ קרעדענשל צו די ניו־יאָרקער ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג. ער בעט אויך צו אינדאָרסירן זייערן אַ צושריפט, וועלכן זיי ווילן אַרויסשיקן צו אַלע ברענטשעס. עס ווערט באַשלאָסן דעם פאַרלאַנג צו באַוויליקן.

עס ווערט באַשלאָסן צו שיקן אַ בוקעט בלומען צו פריינד ליעסין, וועלכער געפינט זיך אין האָספּיטאַל נאָך אַן אָפּעראַציע.

## צושריפטן

פון דער לין־גייל דעפענס קאָמיטע, — זיי בעטן צו נעמען אין אַנבאַטראַכט זייער דעפענס קאָמיטע ווען עס וועלן איינגעטיילט ווערן די $2,500, באַשטימט פון דער קאָנווענשן פאַר אַמנעסטיע און דעפענס צוועקן. עס ווערט באַשלאָסן צו נעמען דאָס אין אַנבאַטראַכט.

פון פר. וו. הערמאַן, — ער גיט איבער אַ שריפטלאַכע רעזיגנאַציע אַלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, ווי אויך אַלס טשערמאַן פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע. ער דערקלערט, אַז ער פאָרט אַרויס פון ניו־יאָרק, און ער מוז זיך דאַרום צוריקציען פון דער עקזעקוטיוו. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז אין דער צוקונפט וועט ער אויך טאָן אַלץ וואָס עס וועט זיין פאַר אים מעגלאַך צו העלפן אין דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון אַרבעטער רינג. עס ווערט באַשלאָסן אָנצונעמען זיין רעזיגנאַציע און צוציען אויף זיין פּלאַץ דעם נעקסטען אויפ׳ן באַלאָט.

פון בר. 283, פילאַדעלפיע, — דריקן אויס אַ פאַרדאַמונג צו דער האַנדלונג פון בר. 620, וועלכער האָט מיט זיינע צושריפטן אַריינגעבראַכט קריגערייען אין די רייען פון אַרבעטער רינג. באַשלאָסן דעם צושריפט צו פיילן.

פון בר. 246, ניו־יאָרק, — זיי פאָדערן אויף די נאַצ. עקזעקוטיוו אָנצופאַנגען אַ קאַמפּיין צווישן די ברענטשעס פאַר אַלגעמיינע שטיצע פאַר גאַנץ רוסלאַנד. באַשלאָסן זיי צו ענטפערן, אַז די עקזעקוטיוו האָט גענומען זייער פאָרשלאַג אין אַנבאַטראַכט.

פון בר. 352, — זיי דריקן אויס אומצופרידנהייט מיט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשן צו אָנטזאָגן שטיצע פאַר דעם „קאַמף“ און דעם „פּראָלעטאַריער“, צוויי צייטשריפטן, וואָס דריקן אויס אַ שטאַרקע ריכטונג צווישן די באַוואוסטזיניקע אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע.

פון פר. פ. יאָנאַס, — ער דריקט אויס אַ הערצלאַכן דאַנק פאַר דעם באָנוס, וואָס איז פאַר אים באַוויליקט געוואָרן.

## באַריכטן

פר. ליטאַוער באַריכטעט, אַז פר. ל. ראָטהמאַן און ער האָבן געציילט די קאָנווענשן רעפערענדום באַלאָטס. 265 ברענטשעס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אָפּשטימונג. נאָר 4 באַלאָטס זיינען געווען צוגעשיקט ניט אויסגעפילט, און 2 באַלאָטס זיינען געווען אָן דעם זיגל פון ברענטש. די דאָזיקע 6 באַלאָטס זיינען ניט געציילט געוואָרן.

דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז ווי פאָלגט:

פונקט 1 א פון באַלאָט — צו העכערן דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד (זע יוני־יולי נומער „פריינד“, 1921, זייט 56־57) — 1947 פאַר, 2721 געגן.

2. צו דערקלערן אַ מאַניפעסט צו שענקען די שולדן פון די געשטאָרבענע מיטגלידער אין דער צייט פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין פון דעם יאָר ביז מאַי 1922 — 4298 פאַר און 815 געגן.

פונקט 2. קראַנקן־בענעפיט זאָל געהעכערט ווערן פון 6 אויף 8 דאָלער אַ וואָך — 3506 פאַר און 1488 געגן.

פונקט 3. צו העכערן דעם אַסעסמענט פון אַדמיניסטריישן פאָנד פון 20 אויף 24 סענט אַ קוואַרטאל — 1209 פאַר און 3684 געגן.

פונקט 4 א. צו העכערן דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד פון 3 אויף 5 סענט אַ קוואַרטאל — 2061 פאַר און 2467 געגן.

ב. צו העכערן דעם שול־פאָנד פון 8 אויף 9 סענט אַ קוואַרטאל — 3054 פאַר און 1721 געגען.

פונקט 5. אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע.

א. 3900 פאַר, 1754 געגן.
ב. 4027 פאַר, 778 געגן.
ג. 4205 פאַר, 557 געגן.
ד. 2931 פאַר, 826 געגן.
ה. 2902 פאַר, 772 געגן.
ו. 2862 פאַר, 1762 געגן.
ז. 2625 פאַר, 1817 געגן.
ח. 1699 פאַר, 3311 געגן.
ט. 3923 פאַר, 247 געגן.

אַלע ביישטייערונגען, וואָס זיינען רעקאָמענדירט געוואָרן פון דער קאָנווענשן, זיינען דורכגעגאַנגען דעם רעפערענדום מיט אַ מאַיאָריטעט שטימען.

באַריכט ווערט גוטגעהייסן.

פריינד העסקעל באַריכטעט, אַז פר. יאַקאָבי און ער זיינען געווען פאַרטראָטן ביי דעם מיטינג פון דער עקזעקוטיוו פון דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע. ס׳זיינען דאָרט געווען פאַרטרעטער פון גאַנצן לאַנד. ס׳איז רעפּאָרטעט געוואָרן, אַז 9 שיפן מיט קליידער זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן נאָך אייראָפּעאישע לענדער. ווי די צייטונגען האָבן שוין געמאָלדן, איז איין שיף געזונקען געוואָרן, אָבער אַזוי ווי די שיף איז געווען אינשורט, האָט די פּיפּלס רעליף קאָמיטע געקראָגן די סומע פון אינשורענס. ס׳איז אָנגעדייטעט געוואָרן, אַז די רעליף־אַרבעט ווערט יעצט אַביסל אָפּגעשוואַכט. ס׳איז פאַרהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן רעליף פאַר רוסלאַנד, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ קאָמיסיע קיין רוסלאַנד, אום צו באַקענען זיך גענוי מיט די באַדערפנישן און זען וואָס ס׳קען געטאָן ווערן. די פראַגע וועגן טראַנסמישן אָפּיס איז ברייט פאַרהאַנדלט געוואָרן, און ס׳איז באַשטימט געוואָרן אין פּרינציפּ אַזעלכן צו גרינדן. ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער אַדמיניסטריישן קאָמיטע צו מאַכן די נייטיקע פאַרבאַרייטונגען דערפאַר.

די עקזעקוטיוו פון פּיפּלס רעליף האָט באַשלאָסן צו באַטייליקן זיך אין דעם „דרייוו“ וואָס די דזשאָינט דיסטריביושן קאָמיטע וועט אָנפירן. אין די באַריכטן איז דערמאָנט געוואָרן, אַז די פּיפּלס רעליף האָט אַרויסגעשיקט ביכער פאַר 14 ביבליאָטעקן, און אַז אַ 10־טע שיף מיט קליידער איז לעצטנס אַרויסגעשיקט געוואָרן.

באַריכט ווערט גוטגעהייסן.

## וועגן דעפּיזיטן אין פאַרשידענע פאָנדס

עס ווערט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן געפינען מיטלען ווי אָפּצואָזוישן די דעפּיזיטן פון מאַנכע פאָנדס. נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסן, אַז דער פאָנד וואָס האָט אַ דעפּיזיט, זאָל די קאָמיטע, וואָס פאַרוואַלטעט דעם פאָנד, זיך אַריינטראַכטן וועגן דעם און ברענגען אַ רעקאָמענדאַציע צו דער עקזעקוטיוו.

## וועגן פאַרלאַנג פון ברענטש 280

עס ווערט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דעם, צי עס זאָל באַוויליקט ווערן דער פאַרלאַנג פון בר. 280 צו ענדערן דעם נאָמען פון זייער ברענטש. עס ווערט באַשלאָסן אויסצוגעפינען אין די פּראָטאָקאָלן ווי דער באַשלוס פון דער פריערדיקער עקזעקוטיוו איז אָנגענומען געוואָרן בנוגע דער פראַגע און נאָכהער האַנדלען.

## די קאָנפערענץ פאַר רוסישע רעליף

עס ווערט באַשלאָסן צו רופן אַ באַראַטונגס־קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון אַלע ניו־יאָרקער אידישע אַרבעטער־קערפּערשאַפטן, אום אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן וועגן רעליף פאַר די הונגער־ליידענדע אין רוסלאַנד. עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע באַראַטונגס־קאָנפערענץ זאָל גערופן ווערן צוזאַמען מיט די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן און די פּיפּלס רעליף. אַלס פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ ווערן ערוויילט פריינדע גוסקין, לאַנג, דזש. ראָטהמאַן, פריימאַן און ראָבערטס.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, דערקלערט, אַז די פאַראייניגונג מיט׳ן לייבאָר ליג איז אַ פראַגע פון טעג; אַז מיר דאַרפן בלויז קריגן דעם אונטערשריפט פון דעם ניו־יאָרקער אינשורענס קאָמישאָנער וועגן דער פאַראייניגונג און דאַן וועט אויך דער קאָמישאָנער פון מאַסאַטשוזעטס סטייט די אַנדערע פּאַפּירן אונטערשרייבן. די פאַקטישע פאַראייניגונג וועט דאַן דורכגעפירט ווערן. ער זאָגט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיווו דאַרף זיך אַריינטראַכטן אין דער פראַגע וואָס ביים לעצטן

קאָנוועגשן רעפערענדום איז ניט דורכגעגאַנגען די העכערונג פאַר דעם אָרגאַניזאַציאָנס, עדיוקיישאָנאַל און אַדמיניסטריישן פאָנדס. ער דערקלערט, אַז מאַנכע פון אָט די פאָנדס וועלן איינפאַך ניט האָבן גענוג געלט אָנצופירן די רעספּעקטיווע טעטיקייט. סאיז דארום ווינשענסווערט, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיך אין דעם ערנסט אַריינטראַכטן.

פר. באַסקין גלויבט, אַז אום אָפּצואַוואַשן דעם דעפיציט פון „פריינד". וואָלט פיל'ייכט געווען ראַטזאַם צו פאַרקלענערן דעם „פריינד" אויף 24 זייטן. ער דייטעט אָן, אַז דער זשורנאַל „קינדערלאַנד" האָט שוין אַ דעפיציט, כאָטש עס זיינען אין גאַנצן דערשינען 7 נומערן. ער דייטעט אָן, אַז דער דעפיציט אין אַדמיניסטריישן פאָנד איז אומפאַרמיידלאַך, ווייל די הוצאות פון אָפיס ווערן גרעסער און עס ווערן די לעצטע צוויי יאָר געוואַקסן די אויסגאַבן אויף לעגאַלע אַרבעט צו מאַכן דעם אַרבעטער רינג געזעצלאַך אין פילע שטאַטן, וואו ער האָט פריער ניט געהאַט קיין טשאַרטער.

דער קאָנוועגשן פאָנד וועט שטענדיק האָבן אַ דעפיציט אַזוי לאַנג ווי עס וועט פאַרבלייבן די יעצטיקע סיסטעם פון יערלאַכע קאָנווענשנס מיט דער יעצטיקער פאָרם פון פאַרטרעטערשאַפט — 1 דעלעגאַט פון 500 מיטגלידער. ער ווייזט אָן, אַז אין סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס־פאָנד איז דורכשניטלאַך דאָ אַרום $1000 אַ דעפיציט אין איין מאָנאַט.

ער גיט איבער, אַז לעצטן קוואַרטאל זיינען געווען 2800 געשטראָכענע מיטגלידער, און מיר האָבן געהאַט אַ נעט פאַרלוסט פון 178 מיטגלידער אין יענעם קוואַרטאל. ער זאָגט, אַז דאָס איז פשוט ווייל די צייט איז יעצט זייער אַ שלעכטע.

סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמיטע טראַכט ערנסט וועגן פאַרקלענערן די הוצאות פון סאַניטאַריום. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט געפילט, אַז ס'מוז אָנגעשטעלט ווערן אַן אַסיסטענט מענעדזשער, וועלכער זאָל זיך אָפּגעבן ספּעציעל מיט דער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום. דער סטואַרט פון דענוועלר סאַניטאַריום, מר. אָרענט, איז אָנגעשטעלט געוואָרן פאַר דעם אַמט. ער איז יעצט שוין אין סאַניטאַריום און נעמט איבער די אַרבעט. די סאַניטאַריום קאָמיטע וועט זיכער טאָן אַלץ וואָס עס וועט זיין מעגלאַך אונטער די אומשטענדן צו פאַרקלענערן די אויסגאַבן און זען צו דער זעלבער צייט, אַז דאָס זאָל ניט זיין אויפ'ן חשבון די פּאַציענטן, דאָס הייסט, אַז פון די פּאַציענטן זאָל קיין זאַך ניט געמינדערט ווערן.

פר. ראַמאָ, פון בר. 107, וועלכער איז אַ האָלסייל גראָסער, איז איינגעלאַדן געוואָרן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע צו העלפן אונז קויפן פּראָדוקטן פאַר'ן סאַניטאַריום און זען ניט איבערצוצאָלן אויף די אַרטיקלען וואָס ווערן דאָרט געברויכט.

דר. אַנטאָנאָווסקי איז ווידער אָנגעשטעלט געוואָרן אויפ'ן צווייטן יאָר.

פר. דרייזשפּיל איז לעצטנס געווען אין סאַניטאַריום מיט נאָך אַן אינזשעניר צו זען וואָס עס קען געטאָן ווערן צו פיקסן דעם „לייק". ווי עס צייגט זיך יעצט אַרויס, נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעמאָסטן דעם לייק און געמאַכט אַ גענויען פּלאַן, וועט די אַרבעט פון פיקסן דאַרפן קאָסטן אַרום 10 טויזנט דאָלער. ס'איז מעגלאַך, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל זיך נאָכאַמאָל באַראַטן און פיל'ייכט אונטערנעמען די אַרבעט פון פיקסן דעם לייק אויף אַ קלענערן מאַסשטאַב, און דאָס וועט דאַמאָלס זיין פאַרבונדן מיט ווייניקער הוצאות. יעדנפאַלס, איז דורכאויס נויטווענדיק, אַז דער לייק זאָל ווי אַם שנעלסטן געפיקסט ווערן.

דער אינזשעניר איז אַוועקגעשיקט געוואָרן, ווייל זיין אַרבעט איז לעצטנס געווען ניט צופרידנשטעלנד. צוזאַמען מיט אים איז אויך אַוועקגעגאַנגען מר. באָלמאַן, וועלכער האָט געהאָלפן דעם אינזשעניר און האָט אויך געטאָן אַרבעט פון אַ קאַרפּענטער. אַ צווייטער אינזשעניר איז יעצט אָנגעשטעלט געוואָרן.

די קאָמיטע האָט באַשלאָסן פאַרלויפיק ניט אָנצושטעלן קיין אַנדער קאַרפּענטער, ווי אויך קיין פּיינטער. אויב עס וועט זיין פּיינטינג אָדער קאַרפּענטינג, וועט דעמאָלט פאַר דעם אַ ספּעציעלער מענש געדונגען ווערן. די קאָמיטע דענקט, אַז אויף אַזאַ אופן וועט פיל'ייכט קאָסטן ביליקער.

ער דערקלערט, אַז צווישן די טשיקענס איז לעצטנס געווען אַן עפּידעמיע, און ס'איז דארום מעגלאַך, אַז ס'זאָל ניט זיין גענוג אייער פאַר'ן געברויך פון סאַניטאַריום. עס קען זיין, אַז עס זאָלן צוגעקויפט ווערן אַרום 500 יונגע הינער.

מען האָט געביטן דעם בוטשער און דעם בעקער, ווייל דאָס פלייש און דאָס ברויט, וואָס די פריערדיקע האָבן צוגעשטעלט, זיינען ניט געווען צופרידנשטעלנד.

נאָכדעם ווי עס ווערן געשטעלט אייניגע פראַגן, אויף וועלכע פר. אַשפּיז ענטפערט, ווערט דער רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע גוטגעהייסן.

---

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, דערקלערט, אַז לויט דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשן דאַרף די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט יעצט אָנגעפירט ווערן פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט אָבער אָנגעדייטעט, אַז אין אונזער קאָנסטיטוציע לעזט זיך, אַז דער עדיוקיישאָנאַל פאָנד דאַרף פאַרוואַלטעט ווערן פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, און לויט זייער מיינונג, דאַרף דארום די פראַגע געשיקט ווערן צו אַ רעפערענדום. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע בעט דארום די עקזעקוטיוו צו נעמען אַ שטעלונג וועגן דער פראַגע.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָלן האָבן אַ געמיינשאַפטלאַכן מיטינג וועגן דעם און נאָכהער ברענגען זייער באַשלוס צו דער עקזעק.

## קאָמיטע איינצוטיילן דעפענס און אַמנעסטיע געלדער

אַלס קאָמיטע איינצוטיילן די $2,500, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון דער קאָנווענשן פאַר אַמנעסטיע און דעפענס צוועקן, ווערן ערווילט פר. דזש. ראָטהמאַן, אַשפּיז, לאַנג, ליטאַוער און העסקעל.

עס ווערט באַשלאָסן צו האָבן אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג נעקסטן מאָנטאָג, דעם 8־טן אויגוסט. דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסן.

פ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

די פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטן מאָנטאַג אָוונט, דעם 8־טן אויגוסט, 1921, מיט פריינד גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטן

פון דער קעפּ מייקערס יוניאָן, — זיי לאַדן איין אַ פאַרטרעטער צו זייער באַנקעט, וואָס ווערט געגעבן לכבוד די דעלעגאַטן צו זייער 13־טע קאָנווענשן. באַשלאָסן אָנצונעמען די איינלאַדונג. פר. העסקעל ווערט ערווילט אַלס פאַרטרעטער.

פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, — זיי לאַדן איין צו שיקן אַ פראַטערנאַל דעלעגאַט צו דער ספּעציעלער קאָנווענשן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטן ווערן אין ניו־יאָרק דעם 2־טן, 3־טן, 4־טן און 5־טן סעפּטעמבער. פר. באַסקין ווערט ערווילט אַלס פאַרטרעטער, און עס ווערט באַשלאָסן אים צו אינסטרואירן, אַז ביים באַגריסן די קאָנווענשן זאָל ער אויסדריקן די מיינונג, אַז די פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער רינג איז געגן דעם, אַז די פעדעראַציע זאָל זיך אָפּשפּאַלטן פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

פון אידישן אַרבעטער פאַרבאַנד פון באָנעס אייערעס, — זיי שרייבן, אַז זייער פאַרבאַנד, וועלכער איז געגרינדעט פאַר געגנזייטיקער הילף, באַשטייט יעצט פון 200 מיטגלידער. זיי בעטן, אַז דער אַרבעטער רינג זאָל שטיין מיט זיי אין נאָענטער פאַרבינדונג. עס ווערט באַשלאָסן אַז דער אָפיס זאָל זיך מיט זיי דורשרייבן.

---

פר. לאַנג באַריכטעט, אַז די קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז די $2,500, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון קאָנווענשן פאַר אַמנעסטיע און דעפענס צוועקן, זאָלן איינגעטיילט ווערן ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| סאָציאַליסטישע פאַרטיי דעפענס | $1000 |
| נאַציאָנאַלע דעפענס | 500 |
| טרייד יוניאָן דעפענס | 500 |
| וואָירקערס דעפענס | 200 |
| סאַקאָ־וועניזעטי דעפענס | 100 |
| לין־גייל דעפענס | 100 |
| פּאָליטיקעל דעפענס | 100 |

זייער רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קליוולאַנד דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסן, אַז זיי האַלטן אין אָרגאַניזירן אַ נייעם ברענטש פון קלאָוקמאַכער.

פר. גוסקין, טשערמאַן פון אַרבעטער רינג, זייענדיק אין דענווער ביי דער קאָנווענשן פון דער אַמעריקאַן פעדעריישן אוו לייבאָר, האָט אַדרעסירט דעם מיטינג פון דעם אָרטיקן בר. 450. דער מיטינג איז געווען זייער גוט באַזוכט. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וויסנדיק אַז פר. גוסקין פאָרט צו דער קאָנווענשן פון דער אַמעריקאַן פעדעריישן אוו לייבאָר, האָט זי זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און אַראַנזשירט פאַר אים דעם דאָזיקן מיטינג, ווי אויך אַ מיטינג אין אָמאַהאַ, נעב., וואו די טעטיקייט פון ברענטש איז לעצטנס אָפּגעשוואַכט געוואָרן. איינע פון די הויפּט־שוועריקייטן אין אָמאַהאַ איז געווען, וואָס דער סעקרעטער האָט ניט געוואָלט פאַרבלייבן אין אַמט, און קיין אַנדערער האָט ניט געוואָלט אָננעמען אויף זיין פּלאַץ. נאָך דעם באַזוך פון פר. גוסקין, האָט דער יעצטיקער סעקרעטער איינגעוויליקט צו פאַרבלייבן אין אַמט.

פר. לעוויטאַן איז געווען פאַרטראָטן ביי דער קאָנפערענץ פון העריסבורג דיסטריקט קאָמיטע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין עלענטאַון. עס זיינען געווען פאַרטראָטן 7 ברענטשעס צו 1 דעלעגאַט פון אַ ברענטש. מאַנכע פון די דאָרטיקע ברענטשעס זיינען לעצטנס זייער ניט אַקטיוו. פר. לעוויטאַן האָט ביי דער קאָנפערענץ גערופן צו טאָן מער ענערגישע אַרבעט.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שרייבן אַ בריף צו דער לאָס־אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע און זיי טאַדלען פאַר פאַפענטלאַכן די

פראָטעסט אין „פאָרווערטס“ אין פאַרבינדונג מיט דעם צושריפט פון בר. 225, ווייל אַלס דיסטריקט קאָמיטע זיינען זיי אונטער דער אויפזיכט פון דער עקזעקוטיוו און זיי האָבן זיך פריער וועגן דעם געדאַרפט ווענדן צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

דער פלאַן פאַר די קאָנפערענצן צו דערוויילן נייע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן. מיט דער אויסנאַם פון דער ניו־לאַנדאָן דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויפצולייזן, וועלן בלייבן אַלע עקזיסטירנדע קאָמיטעס. די קאָנפערענץ פון די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס וועלן זיך אָנפאַנגען אין מאָנאַט אויגוסט, און סאיז באַשטימט געוואָרן, אַז דאָרט וואו עס וועט זיין מעגלאַך, זאָלן צו דער זעלבער צייט אויך אַראַנזשירט ווערן רזשאָינט מיטינגען פון די אָרטיקע ברענטשעס.

די גרופע מעמבערס עט לאַרדזש פון פעטערסאָן האָבן זיך ווידער געווענדט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליקן אַ ברענטש. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט די פראַגע אַלזייטיק באַהאַנדלט און באַשלאָסן, אַז אויב די גרופע וועט העלפן גרינדן אַ נייעם ברענטש, וועט מען זיי דערלויבן זיך אָנצושליסן אָן יענעם ברענטש.

פר. באַסקין איז געווען אין באָסטאָן וועגן אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט.

די קליוולאַנד דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליקן די הוצאות צו מאַכן אַ טור צווישן די ברענטשעס פון זייער דיסטריקט. דאָס זעלבע האָט אויך פאַרלאַנגט די העריסבורג דיסטריקט קאָמיטע. ס'איז זיי געענטפערט געוואָרן, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע גלויבט, אַז יעצט איז ניט די צייט דערפאַר.

די ברענטשעס פון פאַסייק האָבן באַשלאָסן צו האָבן אַ קאָנפערענץ צו פאַרהאַנדלען די פראַגן וועגן דעם פאַרלאַנג פון די עטלאַכע און זיבעציק מעמבערס עט לאַרדזש אין פעטערסאָן צו באַוויליקן פאַר זיי אַ ברענטש. די נאַצ. אָרג. קאָמ. האָט זיי באַאויפטראַגט אַזאַ קאָנפערענץ ניט צו רופן.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט זיין ביי דער קומענדער דיסטריקט קאָנפערענץ אין פעטערסאָן, וועט זיך מער באַקענען מיט דער פראַגע און וועט זען אָננעמען אַ שטעלונג.

אין קליוולאַנד ווערט אָרגאַניזירט אַ ברענטש פון קלאָוקמייקערס.

די דיסטריקט קאָנפערענצן איבער'ן לאַנד צו ערוויילן נייע דיסטריקט קאָמיטעס, ווי אויך די סטייט קאָנפערענצן צו ערוויילן נייע מיטגלידער צו דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרן, וועלן אָפּגעהאַלטן ווערן אין די מאָנאַטן סעפּטעמבער און אָקטאָבער.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

## קאָמיטע

פון בר. 251, — פר. דינערשטיין דערקלערט, אַז ער האָט זיך געווענדט צום לאָקאַל 22 פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן וועגן אַריינגעמען אים אַלס מיטגליד, אָבער זיי האָבן אים אָנטזאָגט. ער בעט, אַז די עקזעקוטיוו זאָל עפּעס טאָן פאַר אים אין דער הינזיכט. עס ווערט באַשלאָסן, אַז דער דזשענעראַל אָפיס זאָל זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן און זען וואָס עס קען געטאָן ווערען אין דער הינזיכט.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. לאַנג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די פאַרוואַלטונג פון דער בעיאָנער אַ. ר. שולע האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליקן אַ געוויסע סומע צו העלפן זיי קויפן אַ הויז פאַר דער שול, ווייל עס איז פאַר זיי אוממעגלאַך צו קריגן אַ פּאַסענדן פּלאַץ צו רענטן. סאיז באַשטימט געוואָרן צו באַוויליקן פאַר זיי $250, וואָס איז דאָפּלט פון זייער געוויינלאַכן בודזשעט, ווייל דער שול־פאָנד איז ניט געשאַפן געוואָרן אויף צו קויפן היימען פאַר די אַרבייטער רינג שולן, ווי נייטיק דאָס זאָל ניט זיין, נאָר אויף צו שטיצן די עקזיסטירנדע און אויף צו העלפן גרינדן נייע שולן.

אין די עלעמענטאַרישע שולן אין ניו־יאָרק האָבן היינטיקן יאָר פיל קינדער געענדיקט, און די שול־קאָמיסיע מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָבן איינגעזען, אַז ס'איז נויטווענדיק צו גרינדן אַ מיטלשול. דער פּראָגראַם און די קאָסטן פון די מיטל־שולע וועלן זיין ווי פאָלגט:

1) צוועק: א) פאַרטיפן און אויסברייטערן די אידישע קענטנישן פון די קינדער, זייער באַקאַנטשאַפט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג און זייערע אַלגעמיינע קענטנישן; ב) אויסבילדן אינטעליגענטע אָפּיס־אַרבעטער, געהילפס־לערער, טוער א. ד. ג.

2) פּראָגראַם פון ערשטן יאָר: 1) אידיש (קאָמפּאָזיציע, גראַמאַטיק, רעטאָריק) — 60 לעקציעס; 2) אידישע ליטעראַטור — 60 לעקציעס; 3) אידישע געשיכטע — 60 לעקציעס; 4) העברייאיש — 36 לעקציעס; 5) תנ"ך אין אידיש — 36 לעקציעס; 6) רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען — 36 לעקציעס; 7) קולטור־געשיכטע — 36 לעקציעס; 8) געזאַנג — 18 לעקציעס; 9) סטענאָגראַפיע און מאַשין־שריפט — 18 לעקציעס; 10) שמועסן, דעבאַטן א. ד. ג. — 36 לעקציעס. צוזאַמען 414 לעקציעס. 18 לעקציעס וועגן העלדן פון דער אידישער געשיכטע.

3) צייט: 11 לעקציעס אַ וואָך צו דריי־פערטל שעה יעדע לעקציע איין מאָל שבת אָדער זונטאָג, און צוויי מאָל אין מיטן וואָך, אַלענפאַלס, ווי עס וועט זיין באַקוועמער פאַר די קינדער, דאָס וועט באַשטימט ווערן צוזאַמען מיט די קינדער און די עלטערן

4) פּלאַץ: האַרלעם.

5) שכר־למוד: $3.50 אַ מאָנאַט.

6) עקזאַמענס: יעדעס קינד וועט דאַרפן האַלטן עקזאַמען דעם 21־טן און 30־טן יוני. דער עקזאַמען — אין אידיש, אידישע געשיכטע און אַנטוויקלונג, וועלן אויסאַרבעטן די לערער פון די שולן, וואו די קינדער פאַרענדיקן איצט.

7) לערער: לעווין — אידישע ליטעראַטור, תנ"ך, קולטור־געשיכטע, שמועסן, דעבאַטע; ברעסלער — געשיכטע, העברעאיש; י. שטיינבוים — אידיש, רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען; גאָלדמאַן — סטענאָגראַפיע, מאַשין־שריפט.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן לערער־קורסן, וואו עס זאָלן געלערנט ווערן פאָלגענדע געגנשטאַנדן:

אידישע גראַמאַטיק, קאָמפּאָזיציע, ליטעראַטור, געשיכטע (אַלטע, מיטעלע און נייע), אַמעריקאַנער געשיכטע, געשיכטע פון דערציאונג, קינדער־פּסיכאָלאָגיע, מעטאָדיק, שול־פירונג, פּראָבע לעקציעס, שמועסן, פאַרשידענע שול־פראַגן, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און סאָציאַליזם, געשיכטע פון סאָציאַליזם, און אַרבעטער־באַוועגונג, די לאַגע פון די אידן אין פאַרשידענע לענדער, געזאַנג, געשיכטע פון רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאַטור־וויסנשאַפט (אומאָרגאַנישע און אָרגאַנישע), שמועסן וועגן לעבענס־פראַגן, ענגליש פאַר די, וועלכע קענען ניט גענוג ענגליש, העברייאיש פאַר די וואָס ווילן, פּראָבע לעקציעס אין קלאַסן.

די לערער וועלן זיין: י. לעווין, מ. אָלגין, ד. ניגער, ה. ראָגאָף, ל. לערער, ב. גאָלדבערג, א. ש. זאַקס, בורגין, צביון, דר. קאַספּע, בוכוואַלד, האַרקאַווי.

דער פּרייז פון די לערער־קורסן וועט זיין $40.00 אַ יאָר.

עס ווערט באַשלאָסן, אַז איינפירן פון דער מיטל־שולע זאָל אָפּגעלייגט ווערן ביז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט אַריינברענגען אַ פולען רעפּאָרט פון די פאָנדס, לויט דעם באַשלוס פון לעצטן מאָנאַטלאַכן מיטינג פון דער עקזעקוטיוו.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פון בר. 316 איז אַ מיטגליד געשטאָרבן. נאָך זיין טויט האָט דער ברענטש צוגעשיקט אַן אַפּליקיישן פאַר זיינע $200 קאָנסאָמפּשן בענעפיט. דער רעקאָרד פון פאַרשטאָרבענעם צייגט, אַז דר. האַלפּערן האָט אים אונטערזוכט דעם 11־טן מאַי און געשריבן, אַז ער קען ניט אַריינגענומען ווערן אין סאַניטאַריום, ווייל ער איז אַן „אַדוואַנסט קייס“. דעם 12־טן מאַי האָט דער אָפיס אים געשיקט אַן אַפּליקיישן פאַר קאָנסאָמפּשן בענעפיט און דעם 23־טן מאַי איז ער געשטאָרבן. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו שיקן אַ פאַרטרעטער אין ברענטש אויסצוגעפינען מער איינצלהייטן און דאַן האַנדלען.

פר. יאַקאָבי דערקלערט, אַז אַ סך צייט ווערט פון דער בענעפיט קאָמיטע אָפּגעגעבן אויף טעכנישע אַרבעט וואָס אנבאַלאַנגט בענעפיט. אויך אַז ביי יעדן מיטינג קומען קאָמיטעס פון ברענטשעס וועגן בענעפיט אנגעלעגנהייטן, און פיל מאָל קומט אוים די מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע צו באַזוכן ברענטשעס וועגן אַזעלכע פראַגן.

די בענעפיט קאָמיטע האָט געקראָגן פון אָפיס אַ ליסט פון אַלע ברענטשעס, צייגנדיק די בענעפיט וואָס זיי האָבן געצויגן אין פאַרלויף פון די לעצטע 4 קוואַרטאַלן און די סומען וואָס זיי האָבן איינגעצאָלט פאַר דעם קראַנקן־בענעפיט פאָנד. עס צייגט זיך אַרויס, אַז 47 ברענטשעס האָבן געצויגן אַ סך מער בענעפיט ווי די סומע וואָס זיי האָבן איינגעצאָלט פאַר דעם בענעפיט פאָנד. די דאָזיקע ברענטשעס פון ניו־יאָרק און אומגעגנט וועלן באַזוכט ווערן פון מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע. די איבעריקע פון די ברענטשעס אויסער ניו־יאָרק וועלן באַזוכט ווערן פון די דאָרטיקע דיסטריקט קאָמיטעס.

דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט געלאָזט וויסן, אַז אין באַצוג צו קאַרדס צו ספּעציאַליסטען דאָקטוירים פאַר מיטלידער, וועלכע זיינען ניט אָנגעשלאָסן אָן זייער דעפּאַרטמענט, וועלן זיי זיך פירן ווי ביז יעצט.

---

עס איז דער סענטימענט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, אַז די קאָנסאָמפּשן בענעפיט פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם מיטגליד פון בר. 316 זאָל אויסגעצאָלט ווערן, און די פראַגע זאָל נאָכאַמאָל איבערגעגעבן ווערן צו דער בענעפיט קאָמיטע צו האַנדלען.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע

פר. הערמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 486 האָט אַפּעלירט געגן דער אַרבעטער רינג לייבאָר ליזעאום קאָמיטע פון אָרטיקן ברענטש וועגן פאָלגענדעס:

ער האָט געהאַט אַ סטאָר און רומס אין לייבאָר לייסעאום, אָבער מען האָט ביי אים צוגענומען די רומס און צוליב דעם האָט ער אויך געמוזט גרויס פון סטאָר, און ער האָט גענומען אַ סטאָר אַנטקעגן דעם לייבאָר לייסעאום. נאָכהער האָבן זיי פאַררענט די סטאָר פון לייבאָר לייסעאום צו אַ צווייטן פאַר אַ קענדי סטאָר (דער באַטרעפנדער האָט

אויך אַ קענדי סטאָר). ער האָט אַפּעלירט געגן דער האַנדלונג פון דער לייבאָר לייסעאום קאָמיטע פאַר שאַפן אַ קאָנקורענט געגן אים. די פּאַרטרעטער פון ברענטש האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן געקויפט דאָס הויז פאַר דער אַרבעטער רינג שול און אויך צו האָבן אַ פּלאַץ וואו צו מיטן, ניט האַבנדיק געננג פּלאַץ פאַר דער שול, האָבן זיי געמוזט צונעמען די 2 רומס פון דעם פריינד, וועלכער האָט געהאַט די סטאָר. אַזוי ווי זיי האָבן ניט געקראָגן קיינעם צו רענטן די סטאָר פאַר אַן אַנדער צוועק, און אַ געוויסער געגנאַסע האָט זיך אונטערגענומען צו האָבן אויפזיכט אויף דעם לייבאָר לייסעאום מיט דער באַדינגונג, אַז מען זאָל אים דערלויבן צו האָבן אַ קענדי סטאָר. זיי האָבן אויך אָנגעדייטעט, אַז דער אַפּעלאַנט האָט געהאַט עטלאַכע פּערזאָנען, וועלכע האָבן געוואָלט איבערנעמען די סטאָר אָן די רומס, נאָר ער האָט פאַרלאַנגט אַ צו גרויסע סומע. דער אַפּעלאַנט האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט אַליין אַרויסגעמופּט פון סטאָר, נאָכדעם ווי מען האָט ביי אים צוגענומען די רומס, און אַז די לייבאָר לייסעאום קאָמיטע פון ברענטש האָט אים ניט געמאַכט צו מופּן.

די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן גוטצוהייסן די האַנדלונג פון ברענטש.

דער סעקרעטער פון בר. 259 האָט אַפּעלירט געגן באַשלוס פון ברענטש ניט גוטצומאַכן אַ ביל פון אַ טווייטן מיטגליד, נאָכדעם ווי ס'איז ביי אַ פריערדיקן מיטינג באַשלאָסן געוואָרן דעם ביל יאָ גוטצומאַכן, ווייל יענער איז געווען אין סטרייק. פון די פּראָטאָקאָלן פון ברענטש האָט זיך אַרויסגעציינט, אַז ביי אַ שטרייך־אָוועגט האָט דער ברענטש באַשלאָסן צו וואַרטן די שולדן פון דעם באַטרעפנדן. ביי דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו איז נאָכדעם באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן צו אים אַ רעדזשיסטרירטן בריף. ביי דעם קומענדן מיטינג פון בר. איז באַשטימט געוואָרן גוטצומאַכן זיין ביל אויף $5.70. ביי אַ שפּעטערדיקן מיטינג פון ברענטש איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצורופן דעם באַטרעפנדן צו דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו. דער מיטינג פון דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו האָט נאָכדעם באַשלאָסן צו שיקן אים אַ בריף און אויפפאָדערן אים צו באַצאָלן דעם ביל. דער קומענדער מיטינג פון ברענטש האָט גוטגעהייסן דעם פּראָטאָקאָל און דעם באַשלוס פון דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו. דער סעקרעטער האָט זיך אויף דעם גרונד אַנטזאַגט דורכצופירן דעם באַשלוס צו שיקן צו אים אַ רעדזשיסטרירטן בריף. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן צו ענטפערן, אַז די באַשלוסן פון דער עקזעקוטיוו דאַרפן פריער גוטגעהייסן ווערן פון ברענטש מיטינג, אויסער אין פראַגן אין וועלכע דער עקזעקוטיוו ווערט געגעבן „פול פּאַוער“ צו האַנדלען: די לאָקאַלע עקזעקוטיוו האָט אָבער ניט געהאַט קיין רעכט צו שיקן אַ רעדזשיסטרירטן בריף צו דעם באַטרעפנדן און אים אויפפאָדערן צו באַצאָלן דעם ביל אוידער זיי האָבן די פראַגע ;בראַכט צום ברענטש־מיטינג. דער סעקרעטער האָט אויף אַזאַ אופן געהאַט אַ רעכט ניט אויסצופירן דעם באַשלוס פון דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו אוידער עס איז גוטגעהייסן געוואָרן פון ברענטש, ווען דער ברענטש האָט אָבער דעם באַשלוס אָנגענומען, האָט דער סעקרעטער דאָס געדאַרפט דורכפירן.

ס'איז דארום באַשטימט געוואָרן צו באַאויפטראַגן דעם ברענטש צו רופן וועגן דער פראַגע אַ ספּעשל מיטינג, און דער באַשלוס פון דעם דאָזיקן מיטינג זאָל זיין בינדענד.

דער דווינסקער רעליף קאָמיטעט האָט צוגעשיקט אַ קלאַגע אויף דעם דווינסקער בר. 96 פאַר צונעמען געוויסע געלדער פאַר אַ טעאַטער־אונטערנעמונג. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן זיי צו ענטפערן, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע נעמען מיר בלויז אויף קלאַגעס פון ברענטשעס געגן ברענטשעס, פון מיטגלידער געגן ברענטשעס און פון ברענטשעס געגן מיטגלידער. מיר קענען דארום זייער קלאַגע ניט אויפנעמען. אויב אַ מיטגליד פון אַ. ר. וועט אָנקלאָגן דעם ברענטש, וועט די קלאַגע יאָ אויפגענומען ווערן.

בר. 534 האָט אָנגעקלאָגט בר. 311 פאַר אָנגעבן אויפ'ן באַלאָט מער שטימען ווי די צאָל מיטגלידער וואָס זיינען אנוועזנד געווען ביים מיטינג צו שטימען פאַר דעלעגאַטן צו דער קאָנווענשן. זיי האָבן אויך אָנגעדייטעט, אַז אַ מיטגליד פון דער פילאַדעלפיער דיסטריקט קאָמיטע האָט געהאָלפן דאָס דורכפירן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן זיי צו ענטפערן, אַז די קלאַגע געגן ברענטש קענען מיר ליידער ניט אויפנעמען, ווייל זיי האָבן זיך געווענדט וועגן דעם צו שפּעט. וואָס אָנבאַלאַנגט די באַטייליגונג פון דעם מיטגליד פון דער פילאַדעלפיער דיסטריקט קאָמיטע, קענען זיי יענעם אָנקלאָגן ביי דער באַטרעפנדער דיסטריקט קאָמיטע, פון וועלכער ער איז אַ מיטגליד.

אַ מיטגליד פון בר. 325 האָט אַפּעלירט געגן ברענטש פאַר באַשטראָפן אים מיט $25.00. די זאַך איז געווען ווי פאָלגט: אין בר. איז געווען אַ קראַנקער מיטגליד, וועמען דער ברענטש האָט באַשלאָסן צו שטיצן מיט $300, מיט דער באַדינגונג, אַז די ברידער פון דעם קראַנקן זאָלן אויך ביישטייערן $300, און פאַר דער סומע זאָל פאַר אים געקויפט ווערן אַ ביזנעס. דער אַפּעלאַנט און אַ צווייטער מיטגליד זיינען ערוויילט געוואָרן אַלס אַ קאָמיטע צו קריגן דאָס געלט פון די ברידער און קויפן אַ סטאָר. נאָכדעם ווי יענער מיטגליד איז געווען אין סטאָר עטלאַכע טעג, האָט ער צוליב זיין קראַנקהייט געמוזט פון סטאָר אַוועקגיין. ער האָט דאַן צוריקגעקראָגן די $600 פאַר זיך. דער ברענטש האָט געדענקט, אַז דאָס איז טיילווייז די שולד פון דעם אַפּעלאַנט, ווייל ער האָט געדאַרפט דאָס געלט צוריקקריגן פאַר דעם ברענטש, נאָכדעם ווי די סטאָר איז ווידער פאַרקויפט געוואָרן. דער אַפּעלאַנט האָט דערקלערט, אַז ער האָט בלויז געהאַלטן אַלס זיין אייגַענע ניט צו געבן יענעם מיטגליד דאָס געלט, נאָר קויפן אַ סטאָר, לויט דעם באַשלוס פון ברענטש, אָבער נאָכדעם ווי די סטאָר איז געקויפט געוואָרן, האָט ער פאַר דעם געלט מער ניט געקענט זיין פאַראַנטוואָרטלאַך.

די נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסן אַרונטערצונעמען די שטראָף פון אַפּעלאַנט, ווייל דער ברענטש האָט ניט געהאַט קיין גרונד אים צו באַשטראָפן. אַזוי ווי ביים אויסהערן דעם אַפּיל האָט זיך אַרויסגעציינט, אַז אין ברענטש קומען פאָר רייבונגען צוליב דעם אַפּעלאַנט, האָט די גריוועגנס קאָמיטע באַשטימט אויך צו שרייבן דעם ברענטש, אַז אין פאַל דער באַטרעפנדער וועט וועלן אַ טראַנספער אין אַ צווייטן ברענטש, זאָלן זיי אים אַזעלכן געבן.

די נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשטימט צו ענדערן די צייט פון אירע מיטינגען פון מאָנטאָג אויף דאָנערשטאָג, פון 7 אַ זייגער אָוונט.

רעפּאָרט פון דער גריוועגנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסן.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין בר. 36 איז אַ מיטגליד געשטראָכן געוואָרן בלייבנדיק שולדיק $15.00. דער אָפּיס האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט זיך לעצטנס פאַרגעשלאָגן אין בר. 514 און האָט ניט אָנגעגעבן אַז ער האָט פריער באַלאַנגט צום אַרבעטער רינג. נאָכדעם ווי דער מיטגליד איז אַרויסגערופן געוואָרן צו אַ מיטינג, האָט די אָפּיס קאָמיטע באַשלאָסן, אַז ער זאָל איינצאָלן זיין חוב צום פריערדיקן ברענטש, און ער זאָל פאַרבלייבן אַ מיטגליד אין אַרבעטער רינג.

די חובות פון די ברענטשעס צום אָפּיס זיינען יעצט פאַרקלענערט געוואָרן, נאָכדעם ווי מען האָט אַרויסגעשיקט שטרענגע בריף צו די ברענטשעס, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע באַלאַנסן, האָבן אַ גרויס טייל פון זיי געמאַכט זייערע איינצאָלונגען.

די באַאַמטע פון בר. 291 פון מייוואָוד, איל., האָבן געהאַט שוועריקייטן אין די לעצטע פּאָליטישע איבערפאָלן דורך די אָרטיקע שטאָט־באַאַמטע און דזשאָסטיס דעפּאַרטמענט אין דער צייט פון קריג. זיי האָבן זיך דאַמאָלס געווענדט צום אָפּיס אַז מען זאָל קריגן פאַר זיי אַ לאָיער און העלפן זיי אין דער אַנגעלעגנהייט. דער אָפּיס האָט זיי באַאויפטראַגט, אַז זיי זאָלן די זאַך אַליין אַטענדן. יעצט האָבן זיי פאַרלאַנגט $50.00, אַ העלפט פון די אויסגאַבן וואָס זיי האָבן געהאַט. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסן זייער פאַרלאַנג צו באַוויליקן.

ס'איז באַניַיט געוואָרן אַ מאָרטגעדזש אויף 18 טויזנט דאָלער מיט דער „טייטל גאַראַנטי קאָמפּאַני“.

צוויי סטענאָגראַפערס זיינען אַוועק פון אָפּיס און אַנדערע זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן אויף זייער פּלאַץ.

צוליב דעם וואָס דער אָפּיס איז זייער ענג, זיינען די פּלעגס פון די ברענטשעס איבערגעטראָגן געוואָרן פון „פריינד“ מיילינג דעפּאַרטמענט אין דער אָפּטיילונג וואָס איז געמאַכט געוואָרן ביים קעשיער פענסטער, און אַ טייל פון רעקאָרדס אין אָפּיס זיינען איבערגעשטעלט געוואָרן אין „פריינד“ מיילינג דעפּאַרטמענט. דאָס האָט געגעבן בלויז אַ קליינע הילף צו מאַכן די אַרבעט אין אָפּיס באַקוועמער, כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו שליכטן די פראַגע וועגן אָפּיס, איז אומבאַדינגט נייטיק צו קויפן אַ הויז פאַר אַ היים־אָפּיס, ווייל מיט דעם וואוקס פון די מיטגלידערשאַפט איז נייטיק צו האָבן מער פּלאַץ פאַר די רעקאָרדס. דערביי דאַרף מען אויך נעמען אין אָנבאַטראַכט, אַז ס'וועט אין גיכן צוקומען מיט אַמאָל עטלאַכע טויזנט נייע קאָרדס און אַפּליקיישנס א. ד. ג. פון די מיטגלידער פון לייבאָר ליג נאָך דער פאַרמאַלער פאַראייניגונג.

אַלס ענטפער אויף דעם צושריפט פון בר. 225 איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די ברענטשעס דער בריף פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו צוזאַמען מיט דעם בריף פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרן וועגן דער זעלבער פראַגע.

עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז נאָך דער פאַראייניגונג מיט'ן לייבאָר ליג זאָלן אַלע זייערע רעקאָרדס געבראַכט ווערן אין ניו־יאָרק און די אַרבעט אויף ברענגען די רעקאָרדס אין אָרדנונג, לויט אונזער סיסטעם, זאָל געמאַכט ווערן אין דזשענעראַל אָפּיס.

בר. 245 האָט געבעטן צו שיקן צו זיי אַ פּאַרטרעטער צו געבן אַ דערקלערונג וועגן דעם צושריפט פון בר. 225. פר. ליטאַוער איז געווען פאַרטראַטן.

אַ נייער אַגרימענט מיט דער יוניאָן פון די אָפּיס אָנגעשטעלטע איז לעצטנס אויסגעאַרבעט געוואָרן. דער אַגרימענט איז אָבער נאָך ניט אונטערגעשריבן, ווייל די יוניאָן האָט ניט צוגעשיקט די פּונקטן, אויף וועלכע ביידע צדדים זיינען געקומען צו אַ פאַרשטענדניס.

קענעדער באָנדס זיינען געקויפט געוואָרן אויף 45 טויזנט דאָלער, פאַר וועלכע ס'איז געצאָלט געוואָרן $43,551.92. פאַר די באָנדס איז באַצאָלט געוואָרן צו 92.5, און זיי וועלן אַריינברענגען 7 פּראָצענט.

רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסן.

## טשערמאַנס רעפּאָרט

פר. ר. גוסקין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטן ביי דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרן און רעפּאָרטיִט פאַר דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

ער האָט ביי דער נ. ב. א. ד. פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו בנוגע דעם אַפּיל פון פר. יעקב לעווין פאַר ניט צוציען אים אַלס מיטגליד פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. ער האָט אויך ביי דער נ. ב. א. ד. פאַרטיידיקט די האַנדלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו בנוגע דער קיום פון בר. 147.

אין פאַרלויף פון מאָנאַט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג פון די טשערליִיט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס, וואו ס'איז באַשלאָסן געוואָרן פאָלגענדעס:

1) אַריינגעבן אין „פאָרווערטס" אַן ענטפער צו דעם אָפענעם בריף פון וולאַדימיר מעדעם אין פאַרבינדונג מיט דעם צושריפט פון בר. 620.

2) פאַרעפענטלאַכן אין „פאָרווערטס" אַן ענטפער צו דעם פראָטעסט פון דער לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע וואָס זיי האָבן צוגעשיקט צום „פאָרווערטס".

רעפּאָרט פון טשערמאַן ווערט גוטגעהייסן.

---

פר. גוסקין דערקלערט, אַז צו אים האָבן זיך געווענדט עטלאַכע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו וועגן דעם, אַז ער זאָל ניט אונטערשרייבן די טשעקס אויף $1500, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון קאָנווענשן פאַר דער „נייער וועלט" און דער פעדעראַציע, ביז די עקזעקוטיוו וועט וועגן דעם האַנדלען, ווייל די פעדעראַציע האָט לעצטנס באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. פר. גוסקין פאַרלאַנגט דארום, אַז די עקזעקוטיוו זאָל אין דער פראַגע נעמען אַ שטעלונג. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע, ווערט מיט 8 שטימען געגען 7 באַשלאָסן די דאָזיקע סומע אויסצוצאָלן.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסן.

פּ. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## בריף-קאַסטן

ב. ישעכטמאַן: מיר האָבן עס ווארשיינלאַך ניט דערהאַלטן. אייער באַהויפּטונג, אַז אַזוי טוען מיר ווארשיינלאַך מיט אַלע זאַכן, וואָס קומען אָן אין דער רעדאַקציע פון „פריינד", איז אַביסל צו געוואַגט. אונזער רעדאַקציע איז אין דעם פּרט פון אָפּהיטן מאַנוסקריפּטן געוויס נישט ערגער ווי אַלע אַנדערע.

ל. פּערלשטיין, בר. 300: ליידער נישט אויסגעהאַלטן אין פּראָפּאָרציע און שוואונג. איר הייבט אָן איין פּערז אויף אַ הויכן אָנגעצויגענעם טאָן, ווי: „איך בענק נאָך אַ וועלט, וואָס איז העל ווי די זון — און ריין ווי אַ קינד ווען אַנטבונדן" — דוכט זיך, אַז אייער בענקשאַפט איז אַ ריין אוניווערזאַלע, אַלמענשלאַכע און ברייטע, לסוף ענדיקט איר וועגן די וואונדן (פּערזענלאַכע) פון אַייער שמאַרצפולער האַרץ. דער לעצטער פּערז איז גאָר שוואַך, כאָטש אַייער וואונטש איז זייער אַ שיינער און אַן אידעאַלער.

ס. מאַרטינאָוויטש: וואַרפט עס אַוועק, ליבער פריינד, און פאַרווענדט בעסער אייער פרייע צייט אויף לעזן און שטודירן. מיר האָבן נישט געקענט ביי אַייך, ליידער, געפינען דעם קלענסטן שפּור פון אַ טאַלאַנט צו שרייבן דערציילונגען.

מ. לעווין, ניו־יאָרק: פרעגט בעסער ביי אַ גוטן דאָקטער. איר קענט דאָס לייכט קריגן דורך אונזער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט.

טשאַרלז הורוויטש, בר. 296: אין אַלגעמיין איז אין יעדער פראַגע פאַראַן אַמווייניקסטנס צוויי צדדים, ווען נישט וואָלט דאָך דאָס אינגאַנצן קיין פראַגע נישט געווען. כדי אַרויסצוזאָגן אַן ענטגילטיקע מיינונג וואָלטן מיר אויך געדאַרפט אויסהערן די טענות פון פר. ראַבינאָוויטש. אויב דער פאַל ווי איר גיט אים איבער איז אָביעקטיוו ריכטיק, דענקען מיר, אַז פר. ראַבינאָוויטש דאַרף באַצאָלן די גאַנצע סומע. נישט נאָר אַ מענטשענס אונטערשריפט, נאָר אַפילו אַ וואָרט דאַרף געהאַלטן ווערן הייליק. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויב פר. ראַבינאָוויטש איז נאָך דערצו פאַרמעגלאַך, איז געוויס אַ יושר, אַז ער זאָל באַצאָלן דעם שאָדן, וואָס דער ברענטש האָט צוליב אים געהאַט. וועגן אָנגעבן אין געריכט איז שוין אָבער אַן אַנדער זאַך. מיר האָבן אין אונזער אַרבעטער־רינג אונזער אייגענעם געריכט, אונזער נאַציאָנאַלע גריוועגס קאָמיטע. איר האָט זיך געדאַרפט פריער ווענדן צו איר, אַז זי זאָל אַרויסגעבן אַן אַנטשיידונג. פר. ראַבינאָוויטש וואָלט זיך ווארשיינלאַך נישט אָפּגעזאָגט אונטערצוואַרפן זיך אונטער איר באַשטימונג.

וו. אייזנער, ברוקלין: ווען אַייער בריף וואָלט געווען פיל קירצער, וואָלט ער געדרוקט געוואָרן. אין אַלגעמיין זעט עס אויס, אַז א י ר פירט אויס. דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון דער עקזעק. קאָמ. איז אייַנפאַרשטאַנדן מיט אייער שטאַנדפּונקט, אין דער פראַגע פון דער נייער אָרטאָגראַפיע, און די רעדאַקציע, כאָטש זי בלייבט ביי איר מיינונג, וועט זיך פון דעם נעקסטן נומער אָן מוזן אונטערגעבן. מיר האָפן אָבער, אַז עס וועט אונז געלונגען מיט דער צייט צו איבערציִיגן דעם גרעסטן טייל פון אונזערע פריינד, אַז אונזער שטאַנדפּונקט איז דער ריכטיקער. אַלע באַדייטנדע איבערקערעניש אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט האָבן גלייכצייטיק רעוואָלוציאָנירט די פריערדיקע אָרטאָגראַפיעס. לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן דערצו דערלעבן אויך דאָ...

פּ. פעכמאַן: געוויס נישט. מאַלע וואָס מ'דערציילט.

י. מערמעלשטיין, בר. 155: אייער בריף איז צו לאַנג, אַז ער זאָל קענען געדרוקט ווערן. אין הויפּט־פּונקט זיינען מיר מיט אַייך איינפאַרשטאַנען. איר מאַכט אָבער עטלאַכע באַהויפּטונגען וואָס זיינען נישט אינגאַנצן גענוי. מיר האָבן נאָר אויסצוזעצן געגן דער האַנדלונג פון בר. 620 אין טאַקטישן זין. מעגלאַך, אַז איר האָט געגן זיי אַנדערע אויסזעצונגען. זיינען מיר מחויב אָנצוגרייפן זיי פאַר אַייערע איבערצייגונגען וואָס שטימען נישט מ'ט זייערע? מיר ווייסן נישט פון וואַנען איר נעמט עס, אַז מיר קומען נאָר אָפּ מיט זידלען. דוכט זיך, פון דעם מין וועט איר אין די עדיטאָריעלע נאָטיצן געפינען זייער ווייניק. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז זייערע אָנגעגעבענע פאַקטן זיינען נישט ריכטיק און מיר דענקען, אַז פאַר אָנגעבן פאַלשע פאַקטן און אויפבויען אויף דעם אַ באַשולדיגונגס־אַקט קומט נישט קיין קניפּ אין בעקל. אין אַלגעמיין וואָלט געווען געזינטער, אַז דער אַ. ר., אַלס אַן אָרדן, זאָל זיך פאַרהאַלטן נייטראַל צו די שטרייטיקייטן אין דער סאָצ. באַוועגונג.

מ. זימעל, בראָנקס: וואָס פאַלט אַייך איין? אין וועלכער קאָנסטיטוציע שטייט עס געשריבן, פריינד, אַז יעדע זאַך וואָס ווערט צוגעשיקט צום „פריינד" פון אַן אַ. ר. מיטגליד מוז געדרוקט ווערן? נו, און אַז עס טויג לחלוטין נישט, אַז דער וואָס שרייבט דאַרף זיך ערשט נעמען לערנען די מלאכה?!

וו. מ., ברוקלין: זעט דעם ענטפער צו וואָלף אייזנער פון אייער טעריטאָריע.

---

# רעזאָלוציעס

## פּראָטעסט־רעזאָלוציע פון בר. 166

דאָנערשטאַג אָוועגט, דעם 18־טן אויגוסט 1921, איז פאַרהאַנדלט געוואָרן די פראַגע בנוגע דער שטעלונג פון אונזער נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַ. ר. צו דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע פון אַמעריקע, נעמלאַך, אַז די זעלבע האָט דערוויילט אונזער גענעראַל סעק., פר. באַסקין, אַלס דעלעגאַט צו דער פעדעראַציעס קאָנווענשן און באַפולמעכטיקט אים צו ווירקן אויף די דעלעגאַטן דאָרטן צו שטימען געגן דער אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אין אַמעריקע.

נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז אין אַ צייט ווען שפּאַלטונגען אין די סאָציאַליסטישע רייען פון דער וועלט קומען פאַר טאָג־טעגלאַך, טאָר דער אַרבעטער רינג ניט אַלס אַן אַרבעטער־אָרדן, וועלכער באַשטייט פון עלעמענטן פון פאַרשידענע ריכטונגען, זיך מישן אין פּאָליטישע שטרייטיקייטן, געפינען מיר, אַז די שטעלונג, וועלכע די עקזעקוטיוו האָט איצט גענומען וועט אויך פירן צו אינערלאַכע שפּאַלטונגען אין אַ. ר., דארום איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו פּראָטעסטירן שאַרף און העפטיק געגן דער דאָזיקער האַנדלונג, און מיר פאָדערן אויף אונזער עקזעקוטיווע איר באַשלוס צוריקצוציען. דער אַרבעטער־רינג קאָן בלייבן שטאַרק און גרויס נאָר דאַן, ווען ער וועט זיך באַציען צו „פּאָליטיקס" נייטראַל, ווי ביז איצט.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

מ. טאָוגער, ה. שפּייזמאַן, ל. סימאָנאָווסקי.

---

## פּראָטעסט־רעזאָלוציע פון בר. 409

ביי אַ ברענטש־מיטינג, אָפּגעהאַלטן דעם 19־טן אויגוסט 1921, אין ליבערטי קלוב־הויז, 4320 וו. 12־טע סטריט, איז ביי אונז פאַרהאַנדלט געוואָרן וועגן דעם אַפּיל, וואָס דער גענעראַל־סעק. פון אַ. ר., פר. באַסקין, האָט געמאַכט אין דער פּרעסע אויפפאָדערנדיק די מיטגלידער פון אַ. ר. ניט צו דערלאָזן די אידישע סאָצ. פעדעראַציע אָפּצושפּאַלטן זיך פון דער פּאַרטיי.

און אין באַצוג צו דעם איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן פאָלגענדע רעזאָלוציע.

נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז דער אַ. ר. איז אימער־צו געשטאַנען אויסער אַלע פּאַרטיי־צווייסטיקייטן צוליב דער גאַנצקייט פון אַ. ר., ווייל דער אַ. ר. איז אַ צוזאַמענשטעלונג פון פאַרשידענע ריכטונגען און שטרעמונגען.

דעריבער פּראָטעסטירן מיר געגן די באַאַמטע פאַר נעמען זיך אַזעלכע רעכטן און דערמיט ברעכן די נייטראַליטעט פון אַ. ר., וואָס דאָס קאָן ברענגען פיל שאָדן אין די רייען פון אַ. ר.

מיר פאָדערן אויף די נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרן צו נעמען אַ שטאַרקע שטעלונג געגן די, וועלכע האָבן זיך דערלויבט צו ברעכן די דיסציפּלין פון אַ. ר.

רעזאָלוציאָנס קאָם. בר. 409:

העררי וויט, דזש. סטאַרר, מ. אַלפּערט.

פ ו ן ד ע ר ר ע ד אַ ק צ י ע: מיר האָבן אַזאַ אַפּיל פון פר. י. באַסקין אין ערגעץ נישט באַגעגנט. וואַרשיינלאַך באַציט זיך דאָס אויף די אינסטרוקציעס וואָס די גענ. עקזעקוטיווע האָט געגעבן צו פר. באַסקין, אַלס פּראָטוירנאַל דעלעגאַט צו דער קאָנווענשן פון דער איד. סאָצ. פעדעראַציע. די לעזער וועלן געפינען אונזער דערקלערונג וועגן דעם נאָך דער לעצטער רעזאָלוציע.

---

## פּראָטעסט־רעזאָלוציע

פון פיינטער ברענטש 480 אַרבעטער־רינג

אַזוי ווי עס קומט יעצט פאַר אַ קאַמף צווישן די רעפאָרמיסטישע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און די קאָנווענשן פון דער איד. סאָציאַליסטישער

פעדעראציע וועט דארפן בעשליסן צו פארבלייבן אדער ארויסצוגייען פון דער סאצ. פארטיי;

און אזוי ווי די גענ. עקזעקוטיווע פון א. ר. האט אינסטרואירט איר גענ. סעק. צו דערקלערן אט דער קאנווענשן: „אז דער ארבעטער רינג איז געגן דעם פארזוך פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעראציע צו ווירקן, אז די אידישע ברענטשעס זאלן ארויס פון דער סאצ. פארטיי";

און אזוי ווי די מיטגלידערשאפט פון א.ר. באשטייט פון פארשידענע סאציאליסטישע ריכטונגען און יעדע אפענע פארטייאישע שטעלונג צו איין סאציאליסטישער ריכטונג איז, נאמען פון גאנצן ארבעטער רינג איז א ברוך פון נייטראליטעט, וועלכער מוז ארויסרופן דעם גערעכטן צארן און אנטריסטונג פון אלע אנדערע ריכטונגען, וועלכע שטעלן צוזאמען די גרעסטע מערהייט פון ארבעטער רינג;

און אזוי ווי די גענ. עקזעקוטיווע איז קיינמאל ניט באפולמעכטיקט געווארן צו דיקטירן דער קאנווענשן פון דער איד. סאצ. פעדעראציע ווי אזוי צו האנדלען אין אירע אינערלאכע פארטייפראגן — א דיקטאטור, וואס מוז ארויסרופן א ברודער־קריג אין א. ר., וועלכער קאן פאראליזירן זיין טעטיקייט און וואוקס פאר פילע מאנאטן און שטעלן זיין וואוילזיין אין דער גרעסטער געפאר;

דארום פראטעסטירן מיר אם שטארקסטן געגן דעם דאזיקן געפערלאכן פארזוך פון דער גענ. עקז. אויסצונוצן די מאכט און איינפלוס פון א. ר. פאר פארטייאישע צוועקן. מיר פאדערן אויף די גענ. עקז. צוריקצוציען אט דעם געפערלאכן שריט.

די דאזיקע רעזאלוציע איז איינשטימיק אנגענומען געווארן ביים ספעציאל מיטינג פון דעם 24־טן אויגוסט און באשלאסן צו דרוקן אין אלע סאציאליסטישע און ראדיקאלע צייטונגען.

פרעס קאמיטע:

אב. טשארטאר, ראבערט הערמאן ס. סאלאמאן.

---

## פראטעסט־רעזאלוציע

אנגענומען ביי בר. 79 א. ר., מיטוואך אווענט, דעם 24־טן אויגוסט, ביי א גוט־באזוכטן מיטינג.

אזוי ווי עס קומט יעצט פאר א קאמף צווישן דער עקזעק. פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע מיט דער ס. פ., און אזוי ווי די מיטגלידער פון א. ר. באשטייען פון פארשידענע סאצ. ריכטונגען, וואס זיי האבן א געזעצלאך רעכט דערצו, און אזוי ווי די נאצ. עקז. האט געפונען פאר נייטיק צו שטעלן זיך אויף איין זייט, צו אינסטרואירן איר דעלעגאט צו טרייען אגיטירן געגן דעם באשלוס פון דער עקזעק. פון דער סאצ. פעדעראציע, און אזוי ווי די עקזעק. פון א. ר. איז קיינמאל ניט באפולמעכטיקט געווארן ביי אירע קאנווענשנס צו אגיטירן אקעגן דער פעדעראציע, דערום פראטעסטירן מיר שטארק געגן דעם איבעראיילטן באשלוס, אויסצונוצן איר מאכט און איינפלוס צו צוברעכן די נייטראליטעט וואס זי דארף האלטן אין פארטיי־פראגן.

עקז. קאמ. בר. 79 א. ר. נ. יודין, סעק.

---

## פראטעסט־רעזאלוציע פון בר. 484

ביי דעם מיטינג פון בר. 44 א. ר. אין מילוואקי איז אויפגעהויבן געווארן א דיסקוסיע וועגן דער מעלדונג אין „פארווערטס", דעם 12־טן אויגוסט, פון דער נאצ. עקז. קאמ., אז זי האט באשטימט צו שיקן פריינד י. באסקין אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשן פון דער אידישער סאצ. פעדעראציע, מיט דער אויפגאבע צו ווירקן אויף די דעלעגאטן, אז זיי זאלן שטימען געגן די באשלוסן פון דער פעדעראציע אפצורייסן זיך פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי.

די פראגע איז ביים מיטינג ערנסט דיסקוטירט געווארן און מיט 29 שטימען איז באשלאסן געווארן צו פראטעסטירן געגן דער האנדלונג פון דער נאצ. עקז. קאמ. אויף די פאלגענדע גרונדן:

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז אין דער צייט ווען עס איז פארגעקומען די ערשטע שפאלטונג אין דער סאצ. פארטיי איז די נאצ. עקז. קאמ. אינפארמירט געווארן, אז די לינקע פראפאגאנדירן זייערע געדאנקען צווישן די א. ר. מיטגלידער אויף די מיטינגען, האט דאן די נאצ. עקז. קאמ. געענטפערט, אז דער א. ר. איז ניט קיין פאליטישע פארטיי און יעדער מיטגליד פון א. ר. האט א רעכט צו פראפאגאנדירן זיינע געדאנקען און די נ. ע. ק. האט ניט גענומען קיין שטעלונג;

נעמענדיק ווייטער אין אנבאטראכט דעם ענטפער, וואס דער נאצ. סעק. פון א. ר., פר. באסקין, האט געגעבן צו גענ. מעדעם, ווען יענער האט זיך באקלאגט אויף א געוויסן ברענטש פון א. ר., אז ער האט אנגעגריפן דעם „בונד" און אים פערזענלאך האט פר. באסקין געענטפערט אין נאמען פון דער עקזעק., אז מיר קענען קיין שטעלונג ניט נעמען צום ברענטש, נאר מיר לאזן דאס איבער אינדיווידועל צו יעדן מיטגליד צו פארדאמען זייער האנדלונג.

נעמענדיק ווייטער אין אנבאטראכט, אז די נאצ. עקז. קאמ. זיינען ניט קיין נביאים און ווייסן ניט די שטימונג פון דער גרויסער מיטגלידערשאפט פון א. ר., צי זיי זיינען פאר אפרייסן זיך, צי געגן אפרייסן, האט זי נים געטארט נעמען קיין שטעלונג, ווייל זי ווייס ניט ווי גרויס עס איז די צאל פון אירע פארערער, וועלכע וועלן צושטימען צו איר האנדלונג, און אלס העכסטע אינסטאנץ פון א. ר. האט זי געדארפט זיין מער פארזיכטיק.

אויף די פאלגענדע גרונדן פראטעסטירט דער בר. 484 און פארלאנגט, אז די נאצ. עקז. קאמ. זאל צוריקציען איר באשלוס און אויך געבען א גענויע דערקלערונג.

פראטעסט רעזאלוציאנס קאמ.:

דזש. גינזבורג, ה. הארוויטץ, ס. ברוק.

---

## רעזאלוציע פון ברענטש 264 א. ר.

בר. 264 א. ר. פראטעסטירט געגן דעם באשלוס פון דער נאצ. עקזעקוטיווע צו אינסטרואירן דעם פראטווירנאל דעלעגאט צו דער קומענדער קאנווענשאן פון דער אידישער פעדעראציע, צו ווירקן אויף דער קאנווענשן, אז די פעדעראציע זאל זיך אפשפאלטן פון דער סאציאליסטישער פארטיי. דער א. ר. מישט זיך קיינמאל נישט אין די פרינציפיעלע פראגן פון א פארטיי. די שטארקייט און וואוקס פון א. ר. אלס א גאנצער איז א דאנק די נייטראליטעט פון א. ר. צו אזעלכע פראגן און ער טאלערירט אלע ריכטונגען אין זיינע רייען.

די רעזאלוציאנס קאמיטע:

י. קאהען, י. גלאדשטיין.

---

## פראטעסט־רעזאלוציע פון דער שיקאגאר סיטי־סענטראל קאמ. א. ר.

די פאלגענדע רעזאלוציע איז אנגענומען געווארן ביי דער סיטי סענטראל קאמיטע פון א. ר. אין שיקאגא, וועלכער רעפרעזענטירט 50 ברענטשעס מיט א מיטגלידערשאפט פון 6000.

אין אנבאטראכט, דאס דער וואוקס און פארשריט פון א. ר. איז געקומען א דאנק דעם, וואס ער איז שטענדיק געשטאנען אויף דעם אינטערנאציאנאלן סאציאליסטישן שטאנדפונקט און כסדר געשטיצט אלע ריכטונגען צוגלייך, און

אין אנבאטראכט, אז דער א. ר. איז צוזאמענגעשטעלט פון אלערליי ראדיקאלע עלעמענטן און דארום האט ער זיך אפגעהיט פון אריינצומישן זיך אין פארטיי־פראגן, און

אין אנבאטראכט, אז די גענעראל עקזעקוטיוו האט זיך דערלויבט צו רעדן אין דעם נאמען פון 80 טויזנט מיטגלידער אינסטרואירנדיק דעם פראטווירנאל דעלעגאט צו דער קאנווענשן, איינבארופן פון דער סאציאליסטישער פעדעראציע, צו ווירקן אויף דער קאנווענשן ניט צו פאלגן די רעקאמענדאציעס פון דער עקזעקוטיוו פון דער אידישער פעדעראציע און ארבעטן, אז די פעדעראציע זאל פארבלייבן אין דער סאציאליסטישער פארטיי, און

אין אנבאטראכט, אז אזא שטעלונג איז ניט אין איינקלאנג מיט דער פאליסי און טראדיציעס פון א ר. און עס איז דורך און דורך אין געגנזאץ צו דעם גייסט פון א. ר., און דאס אזא שטעלונג וועט בלויז שאפן צווייטיקייטן אין אונזערע אייגענע רייען;

דערום באשליסט די סיטי סענטראל קאמיטע פון א. ר. אין שיקאגא צו פראטעסטירן געגן דער גענעראל עקזעקוטיווע פאר איר שטעלונג. ווי אויך ווערט באשלאסן צו פארעפנטלאכן דעם פראטעסט אין דער ארבעטער־פרעסע.

רעזאלוציאנס קאמיטע: סעם גלאבערמאן, בר. 252; ב. קאבלענץ, בר. 264; א. נודיש, בר. 162.

**פון דער רעדאקציע: די אלע פראטעסטן נעמען זיך ווארשיינלאך דערפון, וואס אין דער פרעסע איז נישט גענוי איבערגעגעבן געווארן די באשטימונג פון דער גענ. עקזעקוטיווע אין דער פראגע. די גענ. עקז. האט נאר דורך איר פראטווירנאל דעלעגאט, פר. באסקין, באצוועקט אויסצודריקן א וואונש, אז די פעדעראציע זאל זיך נישט שפאלטן און עס זאל הערשן שלום אין אירע רייען. זי האט זיך מיט דער שטעלונג נישט געוואלט שטעלן אלס עקזעקוטיווע אויף דעם אדער יענעם צד. די גענ. עקזעקוטיווע וועט אן ספק פראקטיצירן אויך אין דער פראגע די זעלבע נייטראליטעט, וואס זי האט פראקטיצירט ביז יעצט אין די אינערלאכע שטרייטיקייטן פון דער סאצ. באוועגונג.**

---

## רעזאלוציע פון בר. 36

ביי א גוט־באזוכטן מיטינג פון בר. 36 איז איינשטימיק באשלאסן געווארן צו פראטעסטירן געגען דער האנדלונג פון בר. 225. מיר דענקן, אז אזעלכע קאנפערענצן קענען ניט ברענגען קיין נוטץ רעזולטאטן פאר דעם א. ר., דערום פאדערן מיר אויף דער נאציאנאלער עקזעק. קאם. צו מאכן אן ענד צו אט דער הפקרות.

בר. 36 א. ר. ד. האלפערן, מ. וויינבלאט, קאם.

---

ווערטע פר. פון דער נא. עקז. קאם. א. ר.:

פרייטאג אווענט, דעם 5־טן אויגוסט, ביי א גוט־באזוכטן מיטינג פון אונזער ברענטש, איז פארגעלעזן געווארן אייער בריף וועגן דעם סכסוך מיט דעם בר. 225 א. ר., און מיר קומען אויסצודריקן צוטרוי מיט דער האנדלונג פון דער נאצ. עקזעק. קאמיטע פון א. ר. און פולשטענדיק גוטהייסן זייער האנדלונג. און מיר פארווארפן די פראגע פון דעם אויבנדערמאנטן ברענטש און באטראכטן עס אלס א מיטל אריינצוברענגען צווייטיקייטן אין דעם גרויסן ברידערלאכן ארדן אונזערן.

קאמענעץ־פאדאליער פראג. בר. 330 א. ר.

א. קריימער, רעקארדינג סעק.

---

## רעזאלוציע פון בר. 250

נעמנדיק אין אנבאטראכט, אז אויף די קאנווענשנס האט די פראווינץ ניט קיין מעגלאכקייט צו לאזן הערן איר שטימע, ווייל אלץ איז שוין פון פריער ביי אייך אויסגערעכנט און באשטימט, וואס עס וועט פארקומען, ווער עס וועט מאכן די פארשלאגן און וועלכע ער וועלן אנגענומען ווערן — איר ווייסט אפילו ווער די פארזיצענדע פון די זיצונגען וועלן זיין פריער, און נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז דער רעפערענדום, וועלכער איז געווען די איינציגע וואפע אונזערע, אויב מיר האבן געוואלט באקעמפן א געוויסן פארשלאג אדער צוריקווייזן געוויסע באשלוסן, וועלכע מיר האבן געדענקט אז זיי זיינען ניט ווינשנסווערט צו האבן. דער רעפערענדום האט אונז געגעבן א געלעגנהייט צו האנדלען ווי אזוי מיר ווילן און לאזן הערן אונזער שטימע, אויב ביי דער קאנווענשן האבן מיר דאס ניט געקענט טאן. יעצט מיט דער האנדלונג פון דער „ספעשל קאנווענשן" און גוטזאגונג פון דער באסטאנער קאנווענשן איז די געלעגנהייט ביי אונז צוגענומען געווארן און מיר מוזן זיך אונטערווארפן די באשלוסן, ביי וועלכע מיר האבן ניט געהאט קיין געלעגנהייט אויסצודריקן אונזער מיינונג אפילו, דארום האבן מיר באשלאסן ביי א ספעשל מיטינג נאר ניט צו וואוטן דעם רעפערענדום, וואס איז נאר ווי א קינדערשפיל און האט קיין שום ווערט נים, ווייל מ'רעכנט זיך מיט אים סיי ווי סיי נים.

מיר ווילן דענקן, אז אלץ וואס די קאנווענשן באצוועקט מיט איר האנדלונג איז נאר גרעסער צו מאכן דעם ארבעטער רינג, אבער זארגט נאר ניט פאר זיין אינערלאכן אינהאלט, פאר זיין נשמה, וועלכע איז ביי אונז דער עיקר. עס ווייזט אויס, אז עס ארט אייך ניט אז צוליב עטלאכע הונדערט מער מיטגלידער, וואס וועלן אפשר מיט דער צייט אריינקומען, זענט איר מקריב מיט די גרונטלאכע פרינציפן פון א. ר. „רעפערענדום". די עקז. קאם. זעט נאר ניט איין, אז מיט אזא האנדלונג שטויסט זי אפ מיטגלידער פון א. ר., וועלכע האבן אריינגעגעבן לעבן אין א. ר. און וועלכעס אז זיי איז דער א. ר. א גולם אן א נשמה. איינער אזעלכער מעמבער טאר ניט פארלארן גיין, ווייל אין א. ר. פארבלייבט נאר נים. עס וועט שוין באלד זיין ווי א פשוט'ער אינשורענס ארדן. עס זיינען דא צייטן ווען ביי די וואלן פון ברענטשעס איז שווער צו קריגן א פאסנדן מיטגליד ער זאל וועלן אננעמען פאר א פאראנטווארטלאכן אמט.

ס. רובין, פינ. סעק.

פון דער רעדאקציע: זעט עדיטאריעל נאטיץ אויף זייט 4.

---

## רעזאלוציע פון בר. 397

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אזוי ווי די צאלונגען פון די מיטגלידער שייגט מיט יעדן קווארטאל און עס איז שווער פאר דער מערהייט פון די מיטגלידער נאכצוקומען, און אנשטאט וואס דעם ארבייטערס פארדינסטן ווערן קלענער, ווערן די בילס אלץ גרעסער, און צוליב אט די אורזאכן מוז מען ביי יעדן קווארטאל שטרייכן מיטגלידער.

און נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז די מיטגלידער צאלן שוין יעדן קווארטאל פאר דעם קאנווענשן־פאנד, וועלכע סומע קאן דעקן די אויסגאבן פון קאנווענשנס, ווען זיי זאלן דורכגעפירט ווערן מיט מער עקאנאמיע.

דארום זיי עס באשלאסן צוריקצואווייזן דעם ספעשל אסעססמענט פון די 50 סענט פאר'ן קאנווענשן־פאנד, וועלכע די נאצ. עקזעקוטיוו וויל ארויפצווינגען אויף דער מיטגלידערשאפט.

מיר רעקאמענדירן אלע ברענטשעס אנצונעמען ענלאכע רעזאלוציעס.

רעזאלוציאנס קאמיטע:

יעקב שאלים, מאיר צוקער, הערי סווים, בעני קאפלאן.

FRI

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XII. OCTOBER-NOVEMBER, 1921 No. 10-11

# פון מאנאט צו מאנאט

### אויף פראבע

פייער האט שוין אין די גאנץ אלטע צייטען געדינט אלס פראבע. אלע טייערע מעטאלען זיינען אין אים געפרובט געווארען. פסולת קען זיך אין אים נישט פארבארגען. עס מוז ארויסקומען, אפטיילען זיך און גיין אהין, וואו זיין פלאץ איז. עס בלייבט איבער דאס אויסגעפרובירטע, אויסגעלייטערטע גאלד, וואס קען שוין דערנאך אויסשטיין אלע נסיונות.

דאסזעלבע איז מיט וואסער. אין שטייענדיגען, רואיגען וואסער קענען זיך איינהאלטען אלע אנגעווארפענע שפענדלאך, אלע אפפאלענדע שטיקלאך און ברעקלאך. אפילו גראז און שימעל קען אנוואקסען אויף זיין פלעכע. זאל נאר אבער א ווירבעל־ווינט זיך דורכטראגען אויף זיין רוקען, זאל נאר א שטורעם־געווימער אויפבייטשען אים און צעטרייסלען זיין איינגעשטאנענקייט, וועט שוין מוזען דער גאנצער געמויזעכץ נעמען זיין וועג. א גערייניגטער און א געלייטערטער וועט ווערען דאס וואסער און ווי א שפיגעל וועט ער שיינען און שטראמען.

א קבוץ פון מענטשען איז אין דעם פרט דאס אייגענע ווי א שטיק מעטאל, וואס איז איינענטליך צוזאמענגעפרעסט פון א מאסע אטאמען, אדער ווי א וואסער, וואס באשטייט פון אומצאליגע טראפענס. אויך אין יעדער ארגאניזאציע פון מענטשען, וואס איז ארגאניזירט פאר א באשטימטען צוועק, מוז זיך אריינכאפען א געוויסער פסולת, א צופעליגער מאטעריאל, וואס פאלט אריין, זעצט זיך אפ אויף דער אויבערפלאך און ווערט ביסלאכווייז איין שטיק מיט דעם איינענטליכען מאטעריאל. עס איז אבער גענוג איין פראבע פון פייער און דאס פסולת וועט נישט קענען ביישטיין דעם נסיון. איין שטורעם נאר, וואס וועט זיך אדורכטראגען, וועט אפטיילען דאס עכטע פון דאס צופעליגע, דאס ריינע פון דאס אומריינע און אן אויסגעלייטערטע און אויסגעפרובטע וועט די ארגאניזאציע בלייבען און ווייטער פארזעצען איר נארמאלע אנטוויקלונג.

ביי אונז, אין ארבעטער־רינג, קומט יעצט פאר אט אזא מין איבערזיפונג און אויסלייטערונג. די עקאנאמיש־נעדריקטע לאגע אין לאנד, און אויף דער וועלט, דער שארפער עקאנאמישער קריזיס און די ארבעטסלאזינקייט שטעלט צו א שטרענגער פראבע נישט איין מיטגליד פון אונזער ארדען.

מיט דער אויסנאמע, פילייכט, פון עטליכע צענדליג גוטע א. ר. מיטגלידער, וואס האבען זיך געלאזט שטרייכען מיט א טיפען ווייטאג אין הארצען, ווייל זייער לאגע האט זיי שוין בארויבט פון אלע מעגליכקייטען, אז זיי זאלען קענען איינצאלען זייערע חובות צו די ברענטשעס, זיינען פאר די לעצטע צוויי קווארטאלען געשטראכען געווארען הונדערטער און הונדערטער, וואס האבען פשוט נישט געקענט אויסהאלטען דעם נסיון.

אין א געוויסען זינען, אלזא, איז די שטרייך־מגפה נישט א באאומרואיגענדע דערשיינונג, נאר א סימפטאמאטישע, פון דעם עקאנאמישען קריזיס, וועלכען מיר לעבען דורך, און א גאנץ נארמאלע רייניגונג פון די צופעליגע עלעמענטען, וועלכע האבען זיך פאר דער צייט צו אונז אריינגעכאפט.

אויב מיר ווילען זיך נאך מער טרייסטען, קענען מיר אנווייזען, אז וואס אנבאלאנגט אונזערע רעזערוו־פאנדען ווערען זיי פון אזא מין שטרייך־מגפה פיל שטארקער, ווייל די געשטראכענע מיטגלידער לאזען דאך איבער זייער געלט אין די פאנדען, צו וועלכע זיי וועלען שוין מער קיין רעכט נישט האבען. אונזער „וואליואיישאן" ווערט דערביי א סך העכער און גינסטיגער.

דאס איז אבער נישט אלץ. פארטראכטען מיר זיך א ביסעל ווייטער, הייבען מיר אן צו פארשטיין, אז די שטרייך־מגפה האט פאר אונז נאך א סימפטאמאטישע באדייטונג און די מעג אונז יא א ביסעל אנרעגען און מאכען אונז צו פארקלערען זיך וועגען איר. דער פאקט וואס אזוי פיל מיטגלידער לאזען זיך שטרייכען מיט א לייכטען הארצען ווייזט, אז מיר האבען פיל געזינדיגט אין דעם פרט פון אסימילירען אונזערע נייע רעקרוטען, פון דערציען זיי, פון אויפקלערען זיי, פון אריינפירען זיי אין די ווייטערדיגע קעמערלאך פון אונזער בנין. וואלטען זיי אונז מער געקענט, וואלטען זיי אונז בעסער פארשטאנען, וואלטען זיי נאר באגריפען און אויפגעפאסט דעם א. ר. ברייטער און טיפער און נישט אפגעשאצט אים אין קופערנע פענים—וואלטען מיר געוויס געהאט א קלענערע שטרייך־ליסט.

דאס ווייזט, אז מיר האבען נאך ביז יעצט נישט באשאפען דעם אפאראט, וואס זאל אונזערע נייע רעקרוטען „אויסמושטירען", פארארבעטער־רינגעוועוען אין דעם שיינעם זינען פון דעם ווארט. דער דורכשניטליכער נייער מיטגליד, וואס ווערט אריינגענומען, מיינט, אז זיין גאנצע מיטגלידערשאפט באשטייט אין דעם, וואס ער דארף אמווייניגסטענס עטליכע וואכען אין יאר קראנק זיין און ציען זיין קראנקען־בענעפיט, וואס קומט אים. אין בעסטען פאל קוקט ער אויף זיין מיטגלידערשאפט, ווי אויף א באנד, וואס וועט אריינברענגען א היבשען פראצענט. ווערט די צייט ענגלאך פארקויפט טען דעם באנד אפילו אונטער'ן קרן . . .

ווייל וואס מ'זאל נישט דערציילען וועגען דער שלעכטער עקאנאמישער צייט, אין וועלכער מיר לעבען יעצט, וויפיל מיר זאלען נישט צושרייבען אונזערע פארלוסטען צו דער ארבעטסלאזיגקייט, וועלכע איז אן צווייפעל דער גרעסטער פאקטאר אין דעם, מוזען מיר אבער מודה זיין, אז גאר א גרויסע צאל פון די, וואס האבען זיך געלאזט אויסמעקען פון אונזער בוך, האבען נישט געמאכט קיין אנשטרענגונגען, האבען זיך אפגעזאגט צו ברענגען דעם מינדעסטען קרבן פון א ביסעלע זעמעל־מעל. זיי האבען נישט געפילט אין זייער הארץ קיין ליבע צו אונזער ארגאניזאציע. זיי האבען נישט געפונען ביי זיך אין מוח קיין גענוג איבערצייגונג, פאר וועלכע זיי זאלען גרייט זיין א ביסעל אונטערצולײדען. דער געטרייער, איבערצייגטער און איבערגעגעבענער א. ר. מיטגליד פראטעסטירט טאקע נעגען די עמוואס פארגרעסערטע בילס, „קיקט" אונטער ביי דער אדער יענער געלעגענהייט, אבער ער וועט מאכען אלע מעגליכע אנשטרענגונגען, אז ער זאל נישט געשטראכען ווערען. ער וועט זיך אפזאגען פון פארשידענע „לוקסוסען", ער וועט אפילו אפטמאל בארגען ביי א חבר, אבי צו באצאלען דעם ביל אין זיין ברענטש אבי נישט אויסגעמעקט צו ווערען פון א. ר.

מיר מוזען לערנען אט פון דעם יעצטיגען קריזיס די לעקציע, אז די דערציאונג פון אונזערע נייע און אלטע מיטגלידער דארף שטיין ביי אונז אויפ'ן ערשטען פלאץ, ווען מיר רעדען וועגען ארגאניזאציאנס־ארבעט און וועגען בילדונג. די פראבלעם איז טאקע א שווערע, אבער דאס איז נאך מער אורזאך, אז מיר זאלען זיך טיפער פארטראכטען וועגען איר. די פראגע דארף אויפגענומען ווערען סיי נאציאנאל סיי לאקאל. מיר זיינען אפילו גענייגט צו גלויבען, אז די ברענטשעס אויף די ערטער קענען מער אויפטאן אין דער הינזיכט, ווי די גענעראל־ עקזעקוטיווע, ווי דער גענעראל־אפיס. די באדינגונגען

זיינען צופיל פארשידענארטיג אויף די ערטער, אין די פארשידענע שטאטען, אז מיר זאָלען קענען געבען צו דער פראגע אן אלגעמיינע לייזונג.

עס זיינען צום גרעסטען טייל די ב ר ע נ ט ש ע ס אויף די ערטער, עס זיינער צום מערסטען טייל די ט ו ע ר אין די ברענטשעס, וואָס מוזען ביי זיך שאפען די מיטלען ווי אזוי צו פאר־אינטערעסירען די אומערפארענע מיטגלידער אין דעם א. ר., נישט נאָר אלס געגענזייטיגע פארזיכערונגס־אָרגאניזאציע, נאָר אויך אלס אן אָרגאן פון קאמף מיט דער יעצטיגער אָרדענונג, אלס אן אינסטרומענט פון ארבעטער־אויפקלערונג, אלס א בריגאדע אין דער פרייהייטס־ארמיי פון דעם ארבעטער־קלאס.

מיר מוזען זיך אָבער אויך פארקלערען אויף דער דערשיינונג, וואָס פאר די לעצטע צוויי קווארטאלען האָבען זיך אויך געלאָזט שטרייכען א היבשע צאָל א ל ט ע מיטגלידער, איינינע פון זיי שוין ארום צ וו א נ צ י ג יאָר אין דעם א. ר. זיי האָבען געווים געמאכט אָנשטרענגונגען, און מעגליך אויך גאנץ שווערע, פאר א לענגערער צייט, צו בלייבען אין אָרדען. אלע זייערע אָנשטרענגונגען אָבער האָבען נישט געהאָלפען. זיי זיינען אין דעם קריזים פולשטענדיג הילפלאָז.

דאָ שטייט נישט די פראגע נ אָ ר פון דעם שטאנדפונקט פון דעם אָרדען, וואָס ער פארלירט אלטע, באוואוסטזיניגע און געטרייע מיטגלידער, דאָ שטייט אויך די פראגע וועגען זיי אליין, די פריינד, ביי וועמען דער א. ר. איז געוואָרען א טייל פון זייער א י ך. וואָס פאר א קאטאסטראָפע דאָס איז פאר אזא אלטען מיטגליד צוצוזען ווי נאָך אזוי פיל יאָר ארבעט פאר׳ן אָרדען, נאָך אזוי פיל יאָרען איינצאָלונגען, נאָך אזוי פיל יאָרען פון צוגעבונדענקייט צו דעם א. ר., זאָל ער אויף דער עלטער דארפען געשטראָכען ווערען. מיר קענען זיך פאָרשטעלען ווי דער פאקט ווירקט אויף דער פסיכיק פון אזעלכע הילפלאָזע פריינד, מיר קענען זיך פאָרשטעלען ווי דער פאל פון שטרייכען גיט זיי, ווי מיט א בולאווע איבער׳ן קאָפּ, גאָר פון אומדערווארטעטער זייט.

דאָס איז א שרעקליכער צושטאנד, א שוידערליכער אומרעכט!

קענען מיר, באמת, נישט געפינען עפּעס א וועג, ווי אזוי אזעלכע טרויעריגע דערשיינונגען זאָלען אויסגעמיטען ווערען? קענען די עלטערע ברענטשעס, וואָס זיינען אי צאָלרייך, אי דערפארען, אי פינאנציעל בעסער אוועקגעשטעלט, נישט געפינען ביי זיך גענוג מיטלען ווי אזוי גוטשטייענדיג צו מאכען אזעלכע אומגליקליכע פריינד?

זאָלען מיר וועגען דעם א קלער טאָן. זאָלען די עלטערע ברענטשעס אויפנעמען די פראגע, זאָלען די עלטערע געשטראָכענע מיטגלידער אליין זיך אָפּרופען — אפשר האָבען זיי, דירעקט ליידענדיג פון דעם צושטאנד, געקלערט וועגען דעם און זיך צו עפּעס דערקלערט.

זאָלען מיר צוזאמען מיט דעם פסולת נישט פארלירען וויכטיגע שטיקער פון אונזער אמת׳ן און עכטען מאטעריאל, וואָס עס איז אן עבירה צו פארלירען!

* * *

**די א. ר. לערער־קורסען** דעם 18־טען סעפּטעמבער האָבען זיך געעפענט, אין 143 איסט 103־טע סטריט, ניו־יאָרק, די לערער־קורסען פון א. ר. מיט א רייכער פּראָגראם אין אידישע און אלגעמיינע למודים, אין פּעדאגאָגיע, געשיכטע, נאטור־וויסענשאפט און סאָציאליזם. די פארשריבענע תלמידים, וואָס גרייטען זיך צו ווערען לערער און קולטור־טוער אין א. ר., זיינען געקליבענע, אינטעליגענטע און סאָציאליסטיש־באוואוסטזיניגע יונגע לייט און מיידלאך. די לערער זיינען באוואוסטע וויסענשאפטס־לייט, פאך־קענער און סאָציאליסטען. די אינסטיטוציע געפינט זיך נאטירליך אונטער דעם אויפזיכט פון אונזער בילדונגס־דעפּארטמענט.

אונזער שול־באוועגונג האָט שוין פאר די לעצטע עטליכע יאָר געשאפען אין פארשידענע פּונקטען באדייטענדע קולטור־צענטרען. דער גרעסטער טייל פון די פאנאנדערגעשיקטע לערער אין דער פּראָווינץ זיינען ארויסגעצויגען געוואָרען אין אונזער באוועגונג און זיי העלפען זייער פיל מיט זייערע אינטעלעקטועלע קרעפטען די אָרטיגע ברענטשעס אויך אין זייער אלגעמיינער בילדונגס־ארבעט.

די לערער־קורסען פון א. ר. זיינען באזירט אויף א פּראָגראם נישט נאָר צוצוגרייטען פּאסענדע לערער פאר אונזערע שולען, נאָר אויך צוצוגרייטען פאר אונזער ווייט־פאנאנדערגעצווייגטער פּראָווינץ אקטיווע קולטור־טוער פאר אונזערע ברענטשעס. פון דעם שטאנדפּונקט דארפען מיר זיך דאָפּעלט באגריסען מיט אונזער סעמינאר.

* * *

**הילף, הילף און הילף** אונזער גענעראל־עקזעקוטיווע האָט באשלאָסען גלייך אָנצוהייבען א גראנדיעזען קאמפּיין פאר דער שאפונג פון פינף און צוואנציג טויזענט דאָלער פאר דער האיאס („היברו אימיגראנט אייד סאָסייעטי"). די וויי־געשרייען פון די טויזענטער און טויזענטער אידען, וואָס האָבען פארלאָרען זייער היימען און ציען זיך מיט די וואנדערשטעקענס איבער די גרענעצען פון רוסלאנד, אוקראינע, ליטא, לעטלאנד, פּוילען און אונגארן, קלינגען נאָך אונז אלעמען אין די אויערען. די טויערען פון אמעריקע פארמאכען זיך אלץ מער און מער פאר אונזערע אומגליקליכע עמיגראנטען. די ארבעט פון דער האיאס איז לעצטענס געוואָרען איינע פון די וויכטיגסטע פאָרמען פון קאָנסטרוקטיווער רעליף. מיר צווייפלען נישט, אז אונזערע ברענטשעס וועלען פארשטיין די באדייטונג פון דעם קאמפּיין און אויסצייכענען זיך אויך אין אים, ווי אין אלע פריערדיגע רעליף־קאמפּיינס.

עס פארשטייט זיך, אז די ארבעט פאר די צוויי קאמפּיינס פון אלגעמיין רוסישען און ספּעציעל אידישען רעליף מוז נאָך אויך ווייטער אָנהאלטען. טראָץ דער שלעכטער צייט, טראָץ די אומגינסטיגע אומשטענדען מוזען מיר מאכען אלע דריי קאמפּיינס פאר אן ערפאָלג. בעסער, מיר מוזען זיך אליין איבערשטייגען. מיר מוזען שלאָגען אונזערע אייגענע ביז־אהעריגע רעקאָרדס. ווי שלעכט אונז אליין זאָל דאָ נישט זיין, איז עס אָבער אומבאדייטענד אין פארגלייך מיט דער נויט, צרות און יסורים, אין וועלכע עס קאָרטשען זיך אונזערע ברידער אין די איבענדערמאָנטע לענדער.

* * *

**אַ וויכטיגער בוך** אין פארלאג פון דעם עדיוקיישאָנאל דעפּ. פון א. ר. איז ערשט דערשינען א בוך, וואָס פארדינט די אויפמערקזאמקייט פון אלע אונזערע ברענטשעס אין אלגעמיין און פון די אוקראינער ברענטשעס איבערהויפּט. דאָס בוך איז וועגען די פּאגראָמען אין אוקראינע וואו צענדליגער טויזענטער אידען זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען מיט מיתות משונות און וואו צענדליגער שטעט און הונדערטער שטעטלאך זיינען כמעט ווי אָפּגעווישט געוואָרען פון דער ערד. דאָס איז, אָן ספק, דאָס בלוטיגסטע בלעטעל אין אונזער מארטירער־געשיכטע. זי איז ערשט יעצט אָנגעשריבען געוואָרען פאר אונזערע אויגען מיט פייערדיגע בוכשטאבען. מיר זיינען לעבעדיגע עדות פון דער עפּאָכע. מיר מוזען אויפפאסען אָט די בלוטיגע דערשיינונג אין איר גאנצען אומפאנג. מיר מוזען באגרייפען אירע מאָטיווען, עקאָנאָמישע, היסטאָרישע, נאציאָנאלע, רעליגיעזע, און פּאָליטישע. מיר מוזען איינפאסען אָט די שטיק געשיכטע קלאָר אין אונזער באוואוסטזיין.

דאָס בוך איז געשריבען פון א באקאנטער פּערזענליכקייט, פּראָפעסאָר איליא חפץ, וואָס האָט אונטער די שווערסטע באדינגונגען געזאמעלט די מאטעריאלען אויף די ערטער, פון א געלערטען, וואָס האָט א ברייטען היסטאָרישען האריזאָנט. ער האָט אָנגעווענדט אויף דעם ווערק די נייעסטע מעטאָדען אין דער אויפפאסונג פון געשיכטע, אין דער ליכט פון היסטאָרישען מאטעריאליזם.

אָט דער בוך מוז ביי אונז קריגען די מעגליכסט גרעסטע פארשפּרייטונג. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע שיקט פאנאנדער אן עקזעמפּליאר צו יעדען ברענטש, אזוי אז יעדער מיטגליד, וואָס באזוכט די מיטינגען, זאָל האָבען א געלעגענהייט צו זען דאָס בוך און קענען דאָס אויסשרייבען דורך דעם ברענטש־סעקרעטאר. דער פּרייז פון בוך איז $1.25 פאר א. ר. מיטגלידער. פאר נישט מיטגלידער — $2.00. דאָס בוך האָט זיך געדרוקט אין א באגרעניצטער צאָל עקזעמפּליארען און עס וואָלט געווען ראטזאם, אז די ברענטשעס זאָלען וואָס גיכער צושיקען זייערע אָרדערס.

דאָס בוך איז אויך דערשינען אין ענגליש, און די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע נעמט א טעטיגן אנטייל אין דער פארשפּרייטונג פון דעם בוך.

# קולטור און קלאַסענקאַמף

פון ק. מרמר

## אונזערע שולען

די אַרבעטער־רינג שולען זיינען אַרויסגערופען געוואָרען אין לעבען דורך דעם קלאַסענקאַמף פון אידישען אַרבעטער.

דער קלאַסענקאַמף פון אידישען פּראָלעטאַריאַט האָט צעשטערט די אַלטע באַגריפען פון אַרבעט ביי אידען. די פאַראַכטעטע „שוסטער און שניידער" זיינען געוואָרען דער יחוס און דער שטאָלץ פון אידישען פאָלק. דער אידישער אַרבעטער איז אויך אנערקענט געוואָרען אלס דער געזעצליכער יורש פון די רייכע, אין פאַרלויף יאָר־טויזענטע אָנגעזאַמעלטע אידישע קולטור־אוצרות.

אַרויסהייבענדיג זיך צום סאַמע פראָנט פון אידישען לעבען, האָט דער אידישער אַרבעטער אויך דערהויבען צו נאַציאָנאַלער אנערקענונג זיין שפּראַך, וואָס איז פריער געווען אזוי פאַראַכט און דערנידעריגט ווי ער זעלבסט. דער „זשאַרגאָן" פון די ברייטע אידישע מאַסען איז אנערקענט געוואָרען אלס „אידיש", אלס דער בונד וואָס פאַראייניגט אידען פון פאַרשידענע לענדער צו אַ קולטורעלער איינהייט, און מאַכט זיי פאַר אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך.

דער אידישער אַרבעטער האָט זיך אויך ניט באַנוגענט מיט דער רייכער ירושה פון זיינע אָבות. ער האָט אָנגעהויבען צו שאַפען נייע קולטור־ווערטען און אריינגעשטעלט נייע רינגען אין דער „גאָלדענער קייט", וואָס ציט זיך פון די נביאים, די קלאַסענקעמפער פון פאַרצייטען, ביז צו די פרייהייטס־קעמפער און קולטור־שאַפער פון היינטיגען טאָג.

די אידישע פּרעסע, דער אידישער טעאַטער, די אידישע ליטעראַטור און אַלע אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטען אויף דער אידישער גאַס זיינען אין דער ערשטער ריי די שאַפונגען פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט. וואָס מער באַוואוסטזיניג דער אידישער אַרבעטער איז געוואָרען, אלץ טיפער האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט דער אָפּגרונד צווישען דער קולטור און בילדונג פון אַרבעטער־קלאַס און דער בירגערליכער וועלט. צוערשט האָט דאָס דער אַרבעטער באַמערקט בלויז אויף דעם געביט פון זשורנאַליזם, און האָט זיך דערפאַר געשאַפען אַן אייגענע פּרעסע. ביסלעכווייז אָבער קומט ער צו דער איבערצייגונג אַז די בורזשואַזיע נוצט אויס אַלע קולטורעלע און דערציאונגס־אַנשטאַלטען פאַר אירע צוועקען, און ער הייבט אָן זיך שאַפען אלץ מער און מער אייגענע פּראָלעטאַרישע אַנשטאַלטען אויף אַלע געביטען פון קולטורעלען לעבען.

דער אַרבעטער־רינג, וועלכער באַנוגענט זיך ניט בלויז מיט דער ראָלע פון אַ פאַרזיכערונגס־אָרדען צו העלפען זיינע מיטגלידער אין צייט פון נויט, נאָר וויל אויך זיין אַ געזעלשאַפטליכע קראַפט און אַ גייסטיגער צענטער אין אידישען לעבען, איז דערפאַר געוואָרען דער אַוואַנגאַרד אין קאַמף פאַר דער נייער אידישער אַרבעטער־שול. ער זעט שוין אויך צו זיין צופרידענקייט ווי עס גרופּירען זיך אַרום זיינע שולען אַלע לעבענספייאיגע עלעמענטען פון די אידישע מאַסען, וואָס אינטערעסירען זיך מיט גייסטיגע קולטורעלע פראַגען און מיט אַ ווילען צו טאָן געזעלשאַפטליכע אַרבעט.

## פּראָלעטאַרישע דערציאונג

ווער עס האָט דעם צוטרוי פון דעם נייעם דור, צו דעם געהערט די צוקונפט.

דאָס פאַרשטייען גוט די בירגערליכע עלעמענטען און זיי באַמיען זיך צו געווינען פאַר די יוגענט דורך זייערע דערציאונגס־אַנשטאַלטען. און דאָס איז אויך די שטרעבונג פון אַרבעטער־קלאַס.

דער אַרבעטער וויל אַז אין זיינע לער־אַנשטאַלטען זאָלען די קינדער זיין די באַוואוסטזיניגע און אַקטיווע טרעגער פון די אידעאַלען פון אַרבעטער־קלאַס. דאָס איז אויך די אַבזיכט וואָס דער אַרבעטער־רינג באַצוועקט מיט דער גרינדונג פון זיינע שולען.

די אַרבעטער־רינג שולען ווערען געגרינדעט מיט דעם געדאַנק, אַז די קינדער זאָלען דאָרט דערצויגען ווערען אין פּראָגרעסיווען גייסט פון דער באַוואוסטזיניגער אַרבעטערשאַפט. די אידישע אַרבעטער־קינדער זאָלען שטיין נאָענט צום לעבען פון זייערע אידישע אַרבעטער־עלטערן, און זיך באַטייליגען אין זייער קלאַסענקאַמף, און אים פאָרזעצען.

## די מערקווירדיגע ירושה

דער שענסטער חלום פון אידישען אַרבעטער־קלאַס איז די דערפילונג פון די פאָראויסזאָגונגען פון זיינע נביאים, אַז אין די „לעצטע טעג" וועלען שטראָמען אַלע נאַציאָנען צום אַלוועלטליכען בית־המקדש, וואָס וועט זיין דער שפייכלער פון די גייסטיגע אוצרות פון אַלע פעלקער, אָן אונטערשיד פון גרויס צו קליין.

זייענדיג דער בעזיצער פון אַ רייכער, אייגענאַרטיגער קולטור, וויל דער אינטעליגענטער אידישער פּראָלעטאַריאַט איר ניט מיטנעמען מיט זיך אין קבר, נאָר איר איבערלאָזען אַ ירושה פאַר יענע פרייע צוקונפטיגע דורות, וועלכע, ער האָפט, וועלען עס זיכער אָננעמען פאַר די שענסטע מתנה פון דער פאַרשוואונדענער פאַרגאַנגענהייט.

קאָן דען זיין אַ שענערע מתנה פאַר דער צוקונפטיגער מענשהייט ווי דער ליכטיגער שטראַלען־קראַנץ פון נביאים, דיכטער, פרייהייטס־קעמפער, מאַרטירער, וואָס האָבען נביאות געזאָגט, געדיכטעט, געקעמפט, געליטען, פאַר אַלע פעלקער, און פאַר אַלע לענדער, פון אַלע דורות, און אין אַלע טיילען וועלט?

אַזאַ אוצר טאָר ניט גיין פאַרלאָרען. ער מוז אַזוי ווי ביז איצט ווערען איבערגעגעבען פון עלטערן צו קינדער, און ווערען פאַרמערט מיט נייע שטראַלען אין יעדען, ביז צו די „לעצטע טעג", ווען די גאַנצע ערד וועט ווערען אַ גן־עדן און אַלע אירע באַשעפענישען שטראַלענדע, זינגענדע כרובים.

די אַרבעטער־רינג שולען האָבען אויך דעם צוועק איבערצוגעבען אָט די מערקווירדיגע ירושה צום געזעצליכען יורש. באַקאַנט צו מאַכען דאָס אידישע אַרבעטער־קינד מיט די אידישע פרייהייטס־קעמפער און מאַרטירער, נביאים און קינסטלער, דיכטער און דענקער, פון די עלטסטע צייטען ביז אויף היינטיגען טאָג. און דער עיקר, זיי צוגרייטען זיי זאָלען ווערט זיין זייער גייסטיגע ירושה, און זיי זאָלען אימשטאַנד זיין איר אָפּצוהיטען און פאַרמערען.

דאָס אידישע קינד, פון וועמען די קאַזיאָנע, בירגערליכע שול קען אויס אַזאַ סאָרט מענש, וואָס האַלט אַז מאַכט איז רעכט, וואָס האָט אַ גרויסען רעספּעקט פאַר מאַטעריעלען ערפאָלג און פיזישער קראַפט, און בלויז פאַראַכטונג פאַר אידעאַלע ווערטען און פאַר פרייהייטס־קאַמף און מסירת נפש — אַזאַ קינד קאָן ניט זיין דער טרעגער פון די אידישע קולטור־אוצרות, און נאָך וויינינגער קאָן ער זיי באַרייכערען מיט גייסטיגע שאַפונגען.

כדי דאָס אידישע קינד זאָל זיין פייאיג איבערצונעמען און פאָרצוזעצען דאָס לעבען און שטרעבען פון די אידישע אַרבעטער־מאַסען, מוז עס ווערען דערצויגען אין גייסט פון אמת און יושר. עס זאָל פילען און אנערקענען דאָס רעכט פון יעדען מענשען אויף פרייהייט און גלייכהייט, ניט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך סאָציאַל און גייסטיג, אַזוי ווי מאַטעריעל. עס זאָל האָבען אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער איצטיגער געזעלשאַפט, אויך וועגען פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם (צו פאַרשטיין אַז עקספּלואַטאַציע און אַלע סאָרטען ספּעקולאַציע זיינען גנבה און גזלה; אַז פאַרגיסען בלוט איז מאָרד אפילו ווען מען טוט דאָס אין נאָמען פונ'ם פאָטערלאַנד און מיט דעם הכשר פון גערעכטעס הויז; אַז נאַציאָנאַליזם איז אַ גיפטיגער באַציל, אַזוי ווי דער מיקראָב פון עגאָאיזם, וואָס פאַרשפּרייט שנאה צווישען מענש און מענש און צעשטערט אויך די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט צווישען אַרבעטער־קלאַס). עס זאָל מיטפילען מיט

אלע ליידענדע און אונטערדריקטע, און זיין אימער גרייט זיך אנצונעמען די קריוודע פון דעם שוואכען און בארויבטען. עס זאל זיין דורכגעדרונגען מיט אידעאליזם און ליבע און אכטונג צו די פרייהייטס-קעמפער און מארטירער. עס זאל אכטען און ליבען דעם ארבעטער-קלאס, און זיין שטענדיג גרייט אים צו העלפען אין זיין קאמף פאר א בעסערען און שענערען לעבען.

## וועלען און קאנען

די חסרונות פון די קאזיאנע בירגערליכע דערציאונגס-אנשטאלטען זיינען גוט באוואוסט אויך דער בירגערליכער וועלט. עס זיינען אויך געמאכט געווארען פיל פארזוכען איינצופירען א נייעם טיפ שולען, וואס זאלען ערציען די קינדער בעסער, לייכטער און שענער ווי די פאבליק סקולס, און זיי מאכען פאר בעסערע מענשען. פאראן אזוינע מאדערנע פריוואט-שולען אין ניו-יארק, שיקאגא און אנדערע וויכטיגע צענטערס. פאראן א פראלעטארישע שול, די פערער שול אין סטעלטאן, ניו-דזשוירזי, וואס איז באגרינדעט אויף דער נייער וויסענשאפט פון קינדער-דערציאונג. אבער די קינדער פון די ברייטע מאסען זיינען צו זיי ניט צוגענגליך.

די ארבעטער-רינג שול איז צוגלייך א פארזוך אויף איינצופירען די מאדערנע דערציאונגס-מעטאדען פאר די אידישע ארבעטער-קינדער.

א נייע געביידע פירט לייכטער איין די לעצטע אויסבעסערונגען אין בוי-סיסטעם און די אנגענעמליכקייטען פאר די באוואוינער. אלס נייע שול, מיט זיך די ארבעטער-רינג שול איינצופירען די לעצטע אויסבעסערונגען אויף דעם געביט פון קינדער-דערציאונג, אויף וויפיל אירע פינאנציעלע מיטלען דערלויבען, און וויפיל עס איז מעגליך צו קריגען די פאסענדע לערער.

דער וועג פון וועלען ביז קאנען איז נאך פארלויפיג א ווייטער. די פינאנצען זיינען קליין. דער געפלאנטער לערער-סעמינאר האט זיך ערשט אנגעהויבען. און די שולען זיינען פארהעלטניסמעסיג זייער ארים אין פארגלייך מיט זייער רייכען פראגראם. אבער די אלע חסרונות קאנען און וועלען אויסגעמידען ווערען, ווען דער ארבעטער-ריג וועט ווערען אביסעל ענערגישער אין זיין ארבעט פאר די שולען.

## די געגנער פון די א. ר. שולען

ווי יעדע נייע זאך, האט די ארבעטער-ריג שול געגנער. די געגנערשאפט פון דער בירגערליכער וועלט איז, נאטירליך, דערווארט געווארען. עס איז אבער אויך דא א געגנערשאפט פון א געוויסען סארט „ראדיקאלען".

פאראן פערזאנען וואס זיינען געווען ראדיקאל מיט צענדליגער יאר צוריק. די אידישע גאס האט אין זייערע אויגען קיין איינענעם ניט געהאט אויסער רעליגיע. האבען זיי איר פארלאזען, אדער וואס דאס איז נאך ערגער, האבען געלעבט אין איר מיטען און געווען פרעמד פון אלץ וואס קומט אויף איר פאר. מאנכע פון זיי, וואס האבען געפונען ביי זייער ראדיקאלען געוויסען א הכשר אויף א קריסטמאס בוים, זיינען געבליבען פארביסענע שונאים אפילו פון אזוינע אידישע ימים-טובים, וואס פייערען פרייהייטס-ערינערונגען.

די אידישע גאס האט זיך אלענפאלס זינט יענער צייט געענדערט. דאס אידישע פאלק-לעבען בליט. עס האט אן ערנסטע פרעסע, א רייכע ליטעראטור, א פילפאכע קונסט און זיי שטייען נאך אלץ, ווי אין דער צייט פון קולטורעלער וויסטעניש, און שמאכטען נאך אביסעלע גרינס, אויף יענער זייט גאס, ניט זעענדיג אז ארום זיי שפראצט, גרינט און בליט מיט לעבען, קולטור און שיינקייט.

דאס זיינען די געגנער פון דער ארבעטער-רינג שול, וואס האלטען זיך פאר ראדיקאלען, זיי זיינען פארשטיינערט געווארען אין אנפאנג פון זייער ראדיקאלער טעטיגקייט און מאכען איצט דעם איינדרוק פון גייסטיגע מומיעס. זיי זיינען דער שטיין אין וועג ניט נאר פון די שולען פון ארבעטער-רינג, נאר פון אלע אנדערע פראגרעסיווע באוועגונגען.

אבער ניט קוקענדיג אויף די שטערונגען פון אט די קאנסערוואטיווע עקס-ראדיקאלען, ווערען די ארבעטער-רינג שולען א וויכטיגער גייסטיגער צענטער פון דער אינטעליגענטער אידישער ארבעטערשאפט. זיי גרופירען ארום זיך אלץ וואס איז פול מיט לעבען און וואס איז ווירקליך ראדיקאל און פראגרעסיוו.

— „דער נייער וועג".

# צער-לידער

פון ארטור עסעלין

זאל דוכטען אלעמאל
ביסטו געווען גערעכט;
אז סיי ווי סיי האב איך
נאר מיט'ן ווינט געפעכט.

געשווינגען ווען איך האב
בארעפט נאר שרייען, שלאגען —
אנשטאט מיט פויסט און אייזען
פלעג איך „שפרוכען" זאגען.

איצטער וועסטו גלויבען,
איצטער ווייסטו בעסער,
אז קליינע וואונדען היילט מען —
גרויסע ווערען גרעסער.

וועסטו זיך דערמאנען,
וועסטו זיך פארטראכטען:
נישט בארעפט אים לאזען
שטיין אן אויסגעלאכטען . . .

אין מינוטען שווערע,
קום מיר גארנישט זאגען.
שווער איז דאן דעם איינעם
אטעם צו פארטראגען.

א הארץ איז ניט פון אייזען,
דארף מען קוקען, שווייגען,
שטיל, און ביז דערלייזונג
קען דער טרויער שטייגען.

זעץ זיך ווי א חבר,
קוק אויף מיר פון ווייטען.
ביז דער שטילער טרויער
וועט אליין זיך בייטען.

און וועט ער זיך ניט בייטען,
וועסטו שוין דערזען
בונטע, רויטע פלעקען,
עפעס וועט געשען . . .

# שטיקלאַך און ברעקלאַך

פון י. ב.'

אין זיין בוך „דער יאָר 93“ וועגען דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע באַשרייבט וויקטאָר הוגאָ דעם פאָלגענדען אינצידענט: אויף דער שיף, אויף וועלכער עס איז געפאָרען דער גענעראַל לאַנטאַנאַך, דער הויפּט־אָנפירער פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, האָט פּאַסירט אַן אומגליק: אַ שווערע מאַסע האָט זיך אָפּגעריסען פון איר פּלאַץ און האָט זיך געלאָזט לויפען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אַלץ איז שיער ניט צעשמעטערט געוואָרען. דער מאַטראָז, צוליב וועמעס אומפאָרזיכטיגקייט דער צופאַל האָט פּאַסירט, האָט איינגעשטעלט זיין לעבען און האָט אָפּגעהאַלטען די מאַסע. דער גענעראַל האָט צוזאַמענגערופען אַלע מאַטראָזען און אין זייער אנוועזענהייט האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך אַ מעדאַל און האָט דאָס אָנגעטאָן אויף דעם מאַטראָז, לויבענדיג אים פאַר זיין גרויסער העלדישקייט און אָפּערוויליגקייט; און נאָך דעם האָט ער געגעבען אַ באַפעל מ׳זאָל דעם מאַטראָז ארויספירען און דערשיסען. פאַר זיין העלדישקייט איז ער באַלוינט געוואָרען און פאַר זיין נאַכלעסיגקייט איז ער באַשטראָפט געוואָרען מיט׳ן טויט.

קריג איז קריג, און אַ סאָלדאַט טאָר קיין פעלערען אין מלחמה ניט מאַכען.

---

מיר האָבען זיך דערמאָנט אָן דער דאָזיגער פּאַסירונג אין פאַרבינדונג מיט דער האַנדלונג פון אונזער דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון קאַליפאָרניע. ווי באַוואוסט, האָט די דאָזיגע דיסטריקט קאָמיטע אָפּגעדרוקט אַ פּראָטעסט געגען די ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע און געגען דער אַזוי־גערופענער טענדענץ פון אונזער קאָנווענשאָן און עקזעקוטיווע צו פאַרשאַכערען די פּרינציפּען פון דעם אַרבעטער־רינג.

די עקזעקוטיווע האָט זיי געגעבען אַ פּאַסענדען ענטפער און יעצט פּראָטעסטירען זיי ווייטער. ס׳טייטש, טענה׳ן זיי, מיר האָבען געטאָן אַזוי פיל גוטס; מיר האָבען -געאַרבעט פאַר די אינטערעסען פון דעם אַרבעטער־רינג מיט לייב און לעבען, מאַ פאַרוואָס קומט עס אונז אַזאַ האַרבער ענטפער; ווארום פאַרגעסט די עקזעקוטיווע וועגען אונזערע פאַרדינסטען צום אַרבעטער־רינג? און אויב מיר האָבען געמאַכט אַ טעות, האָט אונז די עקזעקוטיווע געדאַרפט פריינדליך אָנצייגען אויף דעם טעות און רעדען ווי פריינד דאַרפען רעדען צו פריינד.

---

איהר זייט ניט גערעכט, פריינד. אייערע פאַרדינסטען האָט די עקזעקוטיווע לאַנג אַנערקענט. איהר האָט געקראָגען גענוג לויב־געזאַנגען פאַר אייער גוטער אַרבעט, אָבער אייער פעלער איז אומפאַרציייליך. אייער פּראָטעסט איז געווען אַ מעסער אין רוקען אין אַ צייט ווען די עקזעקוטיווע האָט געמוזט פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציע און אויסהיטען זי פון אַלע אַטאַקעס, פּראָוואָקאַציעס און מסירות, וועלכע האָבען זיך געשאָטען אָן אַן אויפהער אין פאַרלויף פון די עטליכע יאָרען אויף דעם אַרבעטער־רינג.

אויב איר ווייסט דאָס ניט, אויב די ברייטע מיטגלידערשאַפט ווייס דאָס ניט, ווייסען דאָס אָבער די נאָענטע מענשען. אין די שוואַרצע טעג פון דער רעאַקציע אין לאַנד איז דער אַרבעטער־רינג׳ געווען דאָס ציל־ברעט פון אַלע אַטאַקעס; עס איז כמעט ניט אַוועק אַ טאָג, וואו עס זאָל ניט אָנקומען אין גענעראַל־אָפיס אָנפראַגען פון פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס וועגען דער אָדער יענער שטעלונג פון דעם אַרבעטער־רינג, וועגען דעם אָדער יענעם פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע. דאָ האָט מען אונז געסטראַשעט אַוועקצונעמען פון אונז דעם טשאַרטער פון אַ געוויסען סטייט צוליב דעם פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע וועגען אויסשליסען מיטגלידער פאַר סקעבען; דאָ איז געקומען אַ דעפּאַרטמענט און האָט אונז אויפגעפאָדערט ארויסצונעמען פון דער קאָנסטיטוציע די פּרינציפּען־ערקלערונגען אַלס אומגעזעצליך; און נאָך אַנדערע זאַכען פון דעם זעלבען סאָרט. די עקזעקוטיווע מיט די באַאַמטע פון דעם אַרבעטער־רינג האָבען געפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט וואָס עס ליגט אויף זיי און מען האָט געקעמפט פאַר יעדען פּונקט, וועלכער האָט געהאַט אַ טשענס אנערקענט צו ווערען. עס וואָלט אָבער געווען לעכערליך צו קעמפען געגען פּונקטען, וועלכע זיינען לאַנג אנערקענט געוואָרען אַלס אומגעזעצליך פון שטאַנדפּונקט פון אינשורענס און צוגעגעבען אַליין פון אונזערע לאַיערס און עקזעקוטיווע, אַז די דאָזיגע פּונקטען זיינען קיינמאָל ניט דורכגעפירט געוואָרען און זיינען אריין אין אונזער קאָנסטיטוציע דורך אַ פעלער.

דער אַרבעטער־רינג איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף דער זעלבער ליסט ווי אַלע אַנדערע ראַדיקאַלע און באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס, און דער איינציגער וועג ווי אָפּצוהיטען זיין עקזיסטענץ איז געווען נאָכצוקומען די אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצען, אָנגענומען פון דער לערזשיסלייטשור — געזעצען, וועלכע רעגולירען די פירונגען פון אַלע פראַטערנאַל אָרדערס, אָן אויסנאַמען. און ווען מענשען, וועלכע פּרעטענדירען צו זיין לאָיאַלע און איבערגעבענע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, טרעטען ארויס מיט אַזעלכע פּראָטעסטען, באַגייען זיי דערמיט אַן אומפאַרציייליכען פעלער, אָדער ריכטיגער געזאָגט, אַ פאַרברעכען, און דערפאַר האָט די עקזעקוטיווע זיי געגעבען דעם ענטפער, וועלכען זיי האָבען פאַרדינט. „דו האָסט זיך זעלבסט פאַרלאָססען, ליעבכען, זאָ פערלאַססע איך דיך.“

---

די אויבענדערמאָנטע ווערטער קענען אייגענטליך אָנגעווענדט ווערען אין באַצוג דער גאַנצער באַוועגונג, וועלכע בר. 225 פון ניו־יאָרק פירט אָן געגען דער עקזעקוטיווע אונטער דעם נייעם סלאָגאַן: „צוריק צו די אַלטע פּרינציפּען; דעמאָקראַטיע אין אַרבעטער־רינג“, מיט דעם קליינעם אונטערשיד, וואָס אין אָט דער באַוועגונג פילט זיך ניט די ערנסטקייט און אויפריכטיגקייט, וועלכע עס האָט זיך געפילט אין דעם פּראָטעסט פון דער לאָס־אַנדזשעלעסער דיסטריקט קאָמיטע. די טוער פון בר. 225 און די אַלע אַנדערע, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער קאָנפערענץ פון דעם 28־טען אויגוסט, ווייסען גאַנץ גוט, אַז זייער סלאָגאַן איז מער ניט ווי אַ שירם צו פאַרדעקען די אמת׳ע מאָטיווען פון דער באַוועגונג. מען האָט שוין פיל מאָל אָנגעציינט, אַז „די דעמאָקראַטיע“ אין דעם אַרבעטער־רינג איז ניט גערירט געוואָרען אויף אַ האָר דורך די נייע ענדערונגען, און וויפיל לאָיערס זיי זאָלען ניט פרעגען און וויפיל זיי זאָלען ניט נאָכזוכען די אַלע גראָבע געזעץ־ביכער און אַרכיוועו, וועלען זיי ניט אויסגעפינען מער וויפיל מען האָט אויסגעפונען. און דער גאַנצער טאַראַראַם איז אייגענטליך אויפגעהויבען געוואָרען צוליב אַ וואַל־אַגיטאַציע, און איינער פון די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ האָט דאָס אייגענטליך ארויסגעזאָגט גאַנץ אָפען, אַז מען דאַרף זיך צוגרייטען צו די נעקסטע וואַלען כדי אריינצונעמען אין אָפיס נייע מענשען, דאָס הייסט פון די, וועלכע באַטייליגען זיך אין אָט דער באַוועגונג. אַנדערש, פאַרשטייט איר מיך, איז דער אַרבעטער־רינג אין געפאַר. אין קורצען, דערוויילט אונזערע מענשען, און דאַן וועט אַלץ זיין גוט.

אמת, יעדער מיטגליד פון דעם אַרבעטער־רינג איז באַרעכטיגט צו באַנוצען זיך מיט אַלע פּריווילעגיעס און עס איז קיין פאַרברעכען ניט, אַז יעדער איינער פון אונזערע 40,000 מיטגלידער אין אונזער אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק זאָל וועלען ווערען אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אָבער דאַן איז דאָך די זאַך אַ גאַנץ איינפאַכע, אַ פּשוט׳ע, און יעדער קאָן דאָס באַגרייפען. אויב אַזוי, רעדט אָפענע דבורים, און איר וועט נאָך קריגען די מיטווירקונג, די שטיצע פון אַלע די, וועלכע האָבען אייער באַגער און שטרעבען צום זעלבען ציל, ווייל נאָך אַלעמען איז דאָך גאָר ניט קיין חרפּה צו זיין אַ פאַרוואַלטער אין דעם אַרבעטער־רינג זאָגאַר אונטער דער נייער קאָנסטיטוציע.

---

אַ קאָנטרי ברענטש, דערצו נאָך אַ בונדיסטישער, האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע ניט צו צאָלען דעם 60־סענטיגען ספּעשעל

קאָנווענשאָן מעקס. זיי ווילען נים, און פאַרטיג. און ניט נאָר האָבען זיי באַשלאָסען אָט די חכמה פאַר זיך אַליין, נאָר זיי זיינען אַזוי אַנטציקט מיט זייער איינפאַל, אַז זיי ווילען אַז אַלע ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג זאָלען נאָכטאָן זייער ביישפּיל. אויף ניט, זאָגט דער גוי, איז קיין משפט ניטאָ. און עס איז דאָך טאַקע לייכטער ניט צו צאָלען ווי יאָ צו צאָלען. אַי, וועט איר פרעגען אָט די אידען, „ווער פאָרט וועט דעקען דעם דעפיציט אין דעם קאָנווענשאָן פאָנד, פון וואַנען וועט דאָס די עקזעקוטיוו קאָמיטע נעמען גוטצומאַכען אַ דעפיציט פון אַריבער 30,000 דאָלער? זיי זיינען טאַקע עקזעקוטיוו לייט און פאַרוואַלטען איבער אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרמאָגט מיליאָנען, אָבער זיי זיינען דאָך ניט מער ווי אַרבעטער און אויסלייגען פון זייערע קעשענעס טויזענטער האָבען זיי ניט. נאָר אונזערע דיסציפּלינירטע און היימישע בונדיסטען, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט די שול פון בונדיסטישער אָרגאַניזאַציאָנס־מעסינגקייט, ווילען פון קיין זאַך ניט וויסען. אַ נס נאָך, וואָס עס איז דאָ אַ קלאָרער געזעץ אין דער קאָנסטיטוציע פון אַרבעטער־רינג, וועלכער גיט דאָס רעכט דער עקזעקוטיווע אַרויפצולייגען אַזעלכע ספּעשעל אַסעסמענטס, אויב וועלכער עס איז פאָנד צייגט אַ דעפיציט און זיכער איז דאָס ניט די שולד פון דער עקזעקוטיווע, וואָס אונזער קאָנוועגשאָן פאָנד איז ניט קיין געגוגענדער. דעפיציטען וועלען מוזען זיין, אויב די סיסטעם פון יערליכע קאָנווענשאָנס זאָלען אָנהאַלטען און אויב די פאַרטרעטערשאַפט זאָל בלייבען איין דעלעגאַט פון 500 מיטגלידער, ווי דאָס איז איצט דער פאַל. און אנשטאַט צו מאַכען זיך לעכערליך מיט אומגעלומפּערטע רעזאָלוציעס, וואָלט ניט גלייכער וועווען אַז די ברייטע מיטגלידערשאַפט זאָל זיך ערנסט פאַרטראַכטען וועגען אָט דער פראַגע און טאַקע אָנפאַנגען אַ באַוועגונג אָפּצושאַפען די יערליכע קאָנווענשאַנס, אָדער פאַרקלענערן די פרטרעטערשאַפט, און אנשטאַט איין דעלעגאַט פון יעדע 500 מיטגלידער זאָל די פאַרטרעטערשאַפט זיין איין דעלעגאַט פון יעדע 1000. אמת פיל ווערלען דאַן דאַרפען בלייבען אין דער היים, אָבער דאָס איז די איינציגע לייזונג פון אָט דער אָנגעווייטיגטער פראַגע.

---

די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע האָט זיך צעשפּאָלטען, צעטיילט אויף צוויי טיילען. חברים, וועלכע האָבען יאָרען און יאָרען געאַרבעט צוזאַמען, געקעמפּט און געשטרעבט צוזאַמענצובונדען די אידישע סאָצ. אַרבעטער אין איין מעכטיגען, סאָלידאַרען בונד, אָט די חברים האָבען זיך צעשיידט, צעריסען, צעגאַנגען זיך מיט פאַרביטערונג און אַנטמוטיגונג. זיינען דאָס געווען טיפע פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידענהייטען און גרויסע חלוקי־דעות, וועלכע האָבען געטריבען די קאָנווענשאָן צו באַגיין דעם דאָזיגען שריט, אָדער ניט, — דאָס איז יעצט ניט די פראַגע און ניט דאָ דער פּלאַץ צו דיסקוטירען. עס איז געשעען און עס איז די פליכט פון יעדען מיטגליד פון אַ. ר. צו פאַרהיטען, אַז אָט די שפּאַלטונג זאָל ניט אַריינברענגען קיין רייבונגען אין די רייען פון אונזערע ברענטשעס. דער אַרבעטער־רינג קאָן ניט און דאַרף ניט זיין די אַרענאַ, אויף וועלכער פּאַרטיי־פראַגען דאַרפען אויסגעקעמפט ווערען. מיר דאַרפען אין אַ. ר. די עלעמענטען, וועלכע פאַראייניגען אונז, און ניט די, וועלכע צעטיילען אונז. די טעטיגקייט פון אַ. ר. איז אַלזייטיג; ער נעמט אַרום אַזוי פיל זייטען פון אַלטעגליכען לעבען און אויף דער פעריפעריע, אָדער אויבערפלעכע פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען געפינען די אַ. ר. מיטגלידער אַזוי פיל געמיינשאַפטליכע באַרירונגס־פּונקטען, אַז זיי זיינען גענוג צו האַלטען אונז פאַראייניגט, צוזאַמען־מאַרשירען אין געשלאָסענע רייען און מיטהעלפען די גרויסע באַפרייאונגס־אַרבעט, ערפילען די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט, וועלכע דאָס לעבען האָט אַרויפגעלייגט אויף אונז, אַלס ראַדיקאַלען און סאָציאַליסטען.

---

# אינדיאַנאַ

### פון י. י. שוואַרץ

דער צוג האָט זיך געשטעלט.
געציטערט און וויברירט פון לויף,
געשטויסן סגוילן דאַמף אַרויף, אַרויף.
דער בלענדענדער רעפלעקטאָר האָט באַהעלט
אַ שוואַרצע, טיפע, שמעקעדיקע נאַכט,
געשפּריצט מיט ווייסן ליכט, און שטראָם נאָך שטראָם
געגאָסן אין דעם רואיק שוואַרצן תהום,
וואָס האָט זיך אַרום אונז פאַרמאַכט.
און איטלאַך בלעטל גראָז, און איטלאַך בוים,
און איטלאַך פּאַס פון ערד און שטיין —
זיי האָבן זיך רעליעף און שאַרף און ריין
אַרויסגעשיילט, ווי אין אַ טרוים.

די זומערדיקע נאַכט אין פעלד,
די דרום'דיקע זומער־נאַכט אין פעלד.
עס פליסט, עס ווייעט מיט פרישן דופט
אין פליסנדיקער, קאַלטער אָוונטלופט.
די קילע, שוואַרצע שטילקייט קלינגט
איןביידע אויערן.
עס זיינען ווי פאַרגליווערט קאַלט די הענט
און אינ'ם האַרצן ברענט.
דאָס ליד, וואָס פון די פעלדער, ווייעט און זינגט,
וואָס כשופ'ט און באַצווינגט;
דאָס ליד פון זעט און פרוכטבאַרקייט,
פון אומבאַגרענעצטער וויים;
דאָס ליד פון טשערעדעס וואָס הויערן,
דאָס הירזשען פון די פערד
און פעטקייט פון דער שוואַרצער ערד.

דער צוג האָט זיך גערירט, און אומגעריכט
געפאַלן איז דאָס ווייסע ליכט,
און פון דעם שוואַרצן שלונד
האָט קלאָר און דורכזיכטיק זיך אויסגעשיילט
אַ קליינע, ווייסע פאַרם־הויז,
פון דאַך אַרונטער ביז צום ווייסן גרונד
און זע: פון שוואַרצן פענסטער־ראַם אַרויס
האָט זיך אַ פרוי־געשטאַלט אַרויסגעטיילט;
די שוואַרצע האָר צעשאָטן אויפ'ן ווייסן העמד,
דאָס פּנים אָנגעלענט אויף ביידע הענט,
מיט איינגעשפּאַרטע אויגן נאָכגעקוקט
דעם צוג וואָס האָט זיך אָפּגערוקט.

און איך האָב אַזוי געטראַכט:
דער טאָג איז שיין, און נאָך שענער די נאַכט
און שיין די איינזאַמקייט אין גרינע פעלד,
פאַרוואָרפן אין אַ ווינקל וועלט . . .
אָ, זומער־נאַכט פון ברייטער אינדיאַנאַ!

דער צוג — איין פלאַמיקער פּאַס־ליכט,
האָט פייערדיק און הויך געזונגען,
געריגנט אין דער נאַכט מיט רויטע פונקען;
דורך נאַכט און פעלד געטראָגן זיך
אַלץ ניכער, ניכער, ניכער — גיך!

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## ב. — פּראָזע פאַר קינדער

### ה.

### תשר"קס „מעשה'לעך פאַר קינדער"

דער פאַרפאַסער פון די „מעשה'לאַך פאַר קינדער" (היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַניע, ניו־יאָרק, 1919) האָט נאָר געצייילטע „מעשה'לאַך" פאַרפאַסט אַליין. אַלע איבעריגע האָט ער „באַארבעט". ניט נאָר שטיקלאַך גמרא, מדרש און אַנדערע ספרים, וואָס זיינען נישט פאַר קינדער, — אויך אַזוינע זאַכען, וואָס זיינען שוין לאַנג געוואָרען אַ טייל פון דער קלאַסישער קינדער־ליטעראַטור אין אַלע קולטור־שפּראַכען, — האָט ה' תשר"ק נישט געפונען פאַר מעגליך צו געבען אויף אידיש אַזוי ווי זיי זיינען אין אָריגינאַל: ער האָט זיי, אַזוי ווי דער פאַרשטאָרבענער העראַלין — שעקספּירן — אויסגעבעסערט, „באַארבעט". אפילו אויף אַנדערסענען האָט ער זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזען. ווי קומען מאַכע אידישע קינדער צו דער פּאָעזיע פון אַנדערסענס מעשה'לאַך? אידישע קינדער דאַרפען קייען די פּראָזע פון ה' תשר"ס.

נאָר אפשר איז טאַקע ה' תשר"ק אַ בעסערער שרייבער ווי אַנדערסען? כדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע, האָב איך אין דער קופּע „באַאַרבעטונגען" און קאָמפּילאַציעס אויסגעזוכט אַ זאַך, וואָס, אויב זי איז ניט גענומען פון לאַטיינערס אַ „דראַמע", איז זי זיכער אַן אָריגינעלע שאַפונג פון ה' תשר"ס. די זאַך הייסט „אַ מענש אָן האָרץ", און איר אינהאַלט איז פּונקט אַזוי . . . לאַטיינעריש־„דראַמאַטיש", ווי איר נאָמען. דער אינהאַלט איז, אין קורצען אַזוי: מענדעל — דער „מענש אָן אַ האָרץ" — האָט פיינט געהאַט מענשען, דערהויפּט אָרימע. האָט אים אָבער דער פאַרפאַסער, צוליב גלייכגעוויכט, חתונה געמאַכט מיט אַ פּרוי, וועלכע איז געווען פּונקט אַזאַ גרויסע צדקנית, ווי ער — אַ גרויסער רשע. איז ער איינמאָל אָנגעקומען אין הויז „גראַדע ווען זיין פרוי האָט גערעדט מיט אַן אָרימען מענשען". האָט ער, פאַרשטייט זיך, דעם אָרימען מענשען אַרויסגעטריבען. האָט דער אָרימער מענש, פאַרשטייט זיך, „געשוואָרען, אַז ער וועט פון אים נעמען נקמה . . ." דאָ האָט, על פּי יושר, געדאַרפט קומען גלייך אַ לידעל אויף'ן מאָטיוו פון „ראַכע איז זיס". נאָר צוליב פּעדאַגאָגישע טעמים האָט ה' תשר"ק דאָס לידעל ניט אַריינגעשטעלט. דערפאַר האָט ער ניט פאַרגעסען צוצושטעלען דעם „גוטען סוף". דער מענש אָן אַ האָרץ האָט נאָכדעם ווי דער אָרימאַן האָט זיך אין אים נוקם געווען און צוגע'גנב'עט זיין איין־און־איינציגע טאָכטער, — „איינגעזען, אַז ער איז געווען אומגערעכט" און (דאָ הייבט זיך אָן די מאָראַל פון דער געשיכטע) — „ער איז געוואָרען גאָר אַן אַנדער מענש, מענדיל". ער האָט אָנגעהויבען ארומצוגיין איבער די גאַסען און טיילען נדבות אָרימע קינדער. איז זיין גוטע טואַכץ, פאַרשטייט זיך, באַלוינט — פּונקט אַזוי ווי זיין פריערדיגע רשעות — באַשטראָפט געוואָרען: זיין טאָכטער איז געקומען צוריק אַהיים, און „צו איר קליידעלע איז געווען צוגענייט אַ צעטעלע, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען: „איך האָב אייך נעכטען געזען אין גאַס געבען מיין קינד אַ דאָלער, האָב איך אייך מוחל געווען, וואָס איר האָט מיר אַמאָל פון אייער הויז אַרויסגעטריבען, און איך ברענג אייך אייער קינד צוריק . . ."

דורכגעלייענט דאָס זיסע מעשה'לע, האָב איך שוין מער ניט געהאַט קיין פאַרדראָס, וואָס ה' תשר"ס האָט אַזוי ווייניג געשריבען פאַר אידישע קינדער „פון קאָפּ". איך האָב איינגעזען, אַז „פון קאָפּ" שרייבען פאַר קינדער איז אונזער פאַרפאַסער גאָרניט אַזאַ בריה. און ביי מיר איז טאַקע נאָך אַלץ אַ ספק, צי איז ער טאַקע דער שרייבער, וואָס איז באַרופען אויסצובעסערן אַנדערסענען אָדער אפילו אונזער יהודה שטיינבערגן, איינעם פון די זייער ווייניגע קינדער־שרייבער אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

און בכלל ווייס איך ניט, צו וואָס דאַרף מען אמת'ע שאַפונגען „פאַררירכטען". פאַרוואָס זאָל מען אַ שטייגער אַנדערע סענען ניט געבען אויף אידיש אַזוי ווי ער איז אין אָריגינאַל? פאַרוואָס זאָל מען ניט פאַרשטיין, אַז פּאָעזיע קאָן נישט און טאָר נישט „איבערדערציילט" ווערען? עס איז דאָך קלאָר, אַז ווער עס נעמט אַ ווערק פון אַ דיכטער און „דערציילט עס איבער" מיט זיינע אייגענע — דאָס רוב הילצערנע — ווערטער, איז גלייך ווי ער וואָלט גענומען אַ לעבעדיגע זאַך און זי גע'הרג'עט.

מיר זיינען מוחל ה' תשר"ק'ן זיינע „אייגענע" מעשה'לאַך; מיר ווילען אָבער אויך ניט ער זאָל הרג'ענען די מעשהלאַך פון אַנדערסען אָדער די ברידער גרים. אַז מיר זאָלען וועלען באַקענען אונזערע קינדער מיט, אַ שטייגער, אַזאַ מין טיפּ־ש־דייטשער פאָלקסשאַפונג, ווי דאָס באַרימט מעשה'לע וועגען דעם העלדישען שניידערל, וועלען מיר זיי באַקענען דערמיט אין דעם אמת'ן און נאַטירליכען נוסח פון די ברידער גרים (דער דאָזיגער נוסח איז, אַגב, שוין לאַנג איבערגעזעצט געוואָרען אויף אידיש) ניט אין דער „פאַראידישטער" פאָרם פון ה' תשר"ק. וואָרום ביי די ברידער גרים איז אין דעם מעשה'לע דאָ הומאָר און יענע אינווייניגסטע לעבעדיגקייט, וועלכע עס האָט יעדע זאַך, ווען זי געפינט זיך אין איר אייגענער סביבה, אין איר נאַטירליכער לופט. ביי ה' תשר"ק איז דאָס דייטשע שניידערל, וואָס האָט געקראָגען אַ אידישען נאָמען: „מענדעלע גבור" — אַ שטרויענער העלד, אָן אַ טראָפּען לעבען.

ה' תשר"ק איז אין דעם גאַנצען בוך כמעט אָן „איבערארבעטער", אָן „אויסבעסערער", אַ קאָמפּילאַטאָר, אַ מין ה ע ר מ אַ ל י ן פ אַ ר ק י נ ד ע ר — און דאָס איז פאַר'ן קינדערשען געשמאַק סם המות. דאָס איז אַזוי ווי מען זאָל קינדער שפּייזען מיט סוראָגאַט־עסענס, אַנשטאַט צו געבען זיי אמת'ע נערונג.

ה' תשר"ק באַנוגענט זיך, אַגב, ניט מיט „אויסבעסערן" די אַלטע שרייבער, וועלכע ער „באַאַרבעט". ער וויל אויך אויסבעסערן די יונגע לעזער. דאָס רוב פון זיינע „מעשה'לאַך" זיינען אייגענטליך ניט קיין מעשה'לאַך, נאָר שטיקלאַך מוסר. מוסר איז אודאי אַ גוטע זאַך. אָבער עס איז נאַאיוו צו גלויבען, אַז מען קאָן ווירקען אויף קינדער אין פּרט פון מאָראַלישער אויפפירונג מיט פּאַפּירענע סענטענצען און פרומע משלים. מען דאַרף פשוט ניט האָבען קיין שום באַגריף פון אַ קינדס נשמה און אַ קינדס פאַנטאַזיע, צו רעכענען, אַז מען קאָן מאַכען קינדער מאָראַליש דערמיט, וואָס מען וועט זיי — אויף אַ הילצערנעם לשון — דערציילען, אַז — „ווי נאָר דער פּרינץ האָט דאָס דערהערט און האָט געזען דעם אונטערשיד צווישען זיין כלה וועלכע איז געווען פויל און אַ פאַרשווענדערין, און די דינסטמיידעל, וועלכע איז געווען פלייסיג און שפּאָרזאַם, האָט ער באַלד חרטה באַקומען אויף דעם שידוך און האָט חתונה געהאַט מיט דער דינסטמיידעל". (ז. 17) אויב אַ קינד וועט האָבען געדולד אויסצוהערען אַזאַ מין זאַץ ביז'ן סוף, וועט ער אָנהייבען שטאַרק גענעצען און קיין שום מאָראַלישע ווירקונג וועט עס אויף אים ניט האָבען, אַ חוץ דער, וואָס עס וועט . . . פאַרזאָגען אַ צענטען צו לייענען אַזעלכע „מעשה'לאַך". דאָס איז געוויס אויך אַ גוטער רעזולטאַט, אָבער איך גלויב ניט, אַז עס זאָל נייטיג זיין צוליב דעם אַ גאַנצער באַנד פון איבער צוויי הונדערט זייטלאַך: איין מעשה'לע תשר"ק'ס איז גענוג אָפּצושלאָגען ביי קינדער דעם חשק צו לייענען אַזוינע „באַאַרבעטונגען". קינדער האָבען ליב זיסע זאַכען, אָבער זיי האָבען פיינט, אַז מען גיט זיי קייען . . . מאָראַלישען טשואינג־גאָם.

תשר"קס „מעשה'לאַך פאַר קינדער" איז אַ שטיק מאָראַליש טשואינג־גאָם, וואָס ציט זיך, ניט דערוועקענדיג קיין שום אַפּעטיט, איבער צענדליגער פאַרדרוקסטע בלעטלאַך.

# די אידישע שול־באַוועגונג אין פוילען

פון וו. מעדעם

.4

אונזער שול־באַוועגונג ראַנגעלט זיך מיט מויזענטער שוועריגקייטען. ס'איז נישט קיין שפּאַס — אויפצובויען א זאַך, וואָס איז דורכאויס ניי אין אונזער גאַנצער געשיכטע: א וועלטליכע, מאָדערנע אידישע שול און דערצו נאָך א פּראָלעטאַרישע שול מיט א סאָציאַליסטישען גייסט. מען דאַרף זוכען נייע וועגען, נישט האָבענדיג פאַר זיך כמעט קיין שום מוסטערן, ווי אזוי מען טוט דאָס; די כחות זיינען נישט גרויס גענוג, די אויסערליכע מניעות — אָן א שיעור. ס'איז אָן אמת'ע פּיאָנירען־ארבעט, — די שענסטע, אָבער אויך די שווערסטע פון אלע ארבעטען.

די גרעסטע שוועריגקייט אָבער, וואָס שטייט אויפ'ן וועג פון דער ראַזינער באַוועגונג, — דאָס איז דער שטענדיגער, גוואַלדיגער דלות, דאָס אייביגע פעלען פון די נייטיגע געלט־מיטלען.

די שווערע זאָרג — „פון וואַנען וועט מען האָבען אויף צו לעבען דעם מאָרגענדיגען טאָג?" — איז געשטאַנען שוין ביי דער וויגעלע פון אונזערע שולען. און זי האָט אזא טבע: וואָס מער די באַוועגונג וואַקסט, אַלץ ברענענדיגער ווערט די נויט, אַלץ שווערער איז צו געפינען אָן אויסוועג.

מען האָט געפירט — און מען פירט נאָך היינט־צו־טאָג — דיסקוסיעס וועגען דעם, ווי גרויס עס דאַרף זיין דער פאַרנעם פון דער שול־באַוועגונג. ס'איז דאָ א מיינונג, אַז מען דאַרף זיין באַשיידען, אַז מען דאַרף ארבעטען נישט אין דער ברייט, נאָר בלויז אין דער טיף; אַז מען דאַרף זיך נישט יאָגען נאָך א גרויסער צאָל שולען; אַלץ וואָס מען קאָן טאָן ביי די היינטיגע אומשטענדען, איז נישט קיין שול־נעץ, נאָר עטליכע גוטע שולען, וועלכע זאָלען דינען אַלס אָן עקספּערימענט, אַלס א באַווייז, אַז א גוטע אידישע שול איז מעגליך, און אַלס א מוסטער פאַר דער צוקונפטיגער שול־בויאונג, וועלכע וועט אמאָל אָנקומען.

אזא איז געווען די מיינונג פון א טייל קולטור־טוער. די מיינונג איז געבליבען א מיינונג; דאָס לעבען האָט זיך אָבער נישט געקערט אָן איר. וואָרום די שול־באַוועגונג איז נישט קיין אויסגעקינצעלטע געוויקס, וואָס מען קאָן איר איינשפּאַרען אין די פיר ווענט פון א לאַבאָראַטאָריע. די שול־באַוועגונג, ווי זי האָט זיך אַנטוויקעלט איצט, איז נישט קיין עקספּערימענט, נאָר אָן אויסדרוק פון א גרויסער, ברייטער, טיפער מאַסען־באַדערפעניש. ס'איז גרינג צו רעדען וועגען דער נויטווענדיגקייט צו באַגרענעצען זיך. אָבער ווען עס הייבט זיך אָן דער שול־יאָר, און ביי די טירען פון די עקזיסטירענדע שולען שטייען הונדערטער און טויזענטער קינדער, וואָס קענען נישט געפינען פאַר זיך קיין אָרט און ווערען פאַרווילדערט, אָפּגעלאָזען און אויסגעהונגערט אויף דער גאַס, — דערמאָלט העלפט נישט קיין פילאָזאָפיע; מען געפינט זיך פנים אל פנים מיט דער גרויסער מאַסען־נויט, מיט דעם גרויסען מאַסען־פאַרלאַנג, און פאַר יעדען איינעם איז קלאָר: נייע שולען מוזען געשאַפען ווערען, און זיי ווערען געשאַפען אין אַלץ א גרעסערער צאָל, און זיי גרייכען שוין צו די הונדערטער, און די צאָל קינדער, וואָס לערנען זיך אין זיי, גרייכט שוין צו די צענדליגער טויזענטער, און די גאַנצע ארבעט נעמט אָן אָן אמת'ן מלוכה־מאַסשטאַב.

א מלוכה־ארבעט, וואָס ווערט געשאַפען דורך פּריוואַטע פאַראייניגונגען, — דאָס איז געוויס אָן אינערליכער ווידערשפּרוך. און נאָר די מלוכה גופא וואָלט געווען אימשטאַנד צו לעזען דעם דאָזיגען ווידערשפּרוך. דאָס, וואָס מיר, בונדיסטען, האָבען אָנגענומען אונזער פּראָגראַם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, אַז די שול־ארבעט פאַר די איינצעלנע נאַציאָנאַליטעטען זאָל איבערגיין אין רשות פון אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע מלוכה־אַנשטאַלטען און אויסגעהאַלטען פון דער אַלגעמיינער מלוכה־קאַסע אָדער דורך א צוואַנגס־באַשטייערונג פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען גופא, — דאָס איז איצט געוואָרען נישט סתם א פּראָגראַם־פּונקט, נאָר א ברענענדיגע נויטווענדיגקייט פון טאָג־טעגליכען לעבען. די שולען מוזען אויסגעהאַלטען ווערען פון די מלוכה־מיטלען, ווייל דער בודזשעט פון אונזער שול־ארבעט איז געוואָרען צו גרויס, אום געדעקט צו ווערען פון צופעליגע פּריוואַטע מיטלען. אָבער גיי רעד מיט דער פּוילישער רעגירונג און מיט דער פּוילישער געזעלשאַפט וועגען אזעלכע זאַכען! שטום און טויב בלייבט זי צו אונזער פאָדערונג, און מיר דאַרפען זיין צופרידען ווען זיי לאָזען אונז בכלל לעבען, ווען זיי דערלויבען אונז בכלל צו עקזיסטירען, אפילו דאָס קענען מיר ביי זיי נישט אַלע מאָל פּועל'ן. ווער רעדט שוין וועגען באַקומען פון איר געלט.

אין א טייל פון די אזוי־גערופענע ראַנד־געביטען, דאָס הייסט יענע נישט־פּוילישע מדינות, וואָס זיינען אין די לעצטע יאָרען צוגעשטיקעוועט געוואָרען צו דער פּוילישער מלוכה, איז דאָ נאָך פאַראַן רעשטלאַך פון אידישע דעמאָקראַטישע קהילות. דאָרטען, וואו די ארבעטער פּלעגען זיך באַטייליגען אין די דאָזיגע קהילות, פּלעגט זיך נאָך פון צייט צו צייט איינגעבען ארויסצורייסען א סובסידיע פאַר אונזערע שולען. דאָס זיינען אָבער אויסנאַמען, און די סובסידיעס זיינען געווען צו קליין, כדי צו קענען באַוואָרענען דעם קיום פון די שולען. און אפילו דאָס פּלעגט פאָרקומען טאַקע נאָר אין די ראַנד־געביטען. אין דעם אייגענטליכען פּוילען זיינען קיין דעמאָקראַטישע קהילות נישטאָ, און די ממשלה געפינט זיך אין די הענט פון א הייפעל פאַרצייטיגע קאַכלעפעלס, וואָס זיינען די פאַרביסענסטע שונאים פון א אידישער וועלטליכער שול.

און אזוי אַרום האָט מען דעם גאַנצען בודזשעט געמוזט בויען אויף די פרייוויליגע נדבות פון די ארבעטער און אויף די אַמעריקאַנער געלדער; און ס'איז פאַרשטענדליך, אַז דער גרעסטער טייל פון אונזער הכנסה פּלעגט קומען דוקא פון אַמעריקע. און ס'איז אַלעמאָל געווען צו ווייניג, און מיר פּלעגען אַלעמאָל האָבען צרות. מיט יאָרען צוריק פּלעגען די בעל־הבית'ישע כלל־טוער אין וואַרשע, אויף וועמענס אדרעס עס פּלעגט אָנקומען דאָס אַמעריקאַנער געלט, סתם פאַרכאַפּען דאָס געלט, און אין בעסטען פאַל האָבען מיר געקענט מיט גרוים מי און מאַטערניש ארויסרייסען פון זיי א קליינעם טייל. ווען עס האָבען זיך געעפענט אין פּוילען די אָפּטיילונגען פון דעם „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", איז די זאַך געוואָרען נישט פיל בעסער. מיר האָבען שטענדיג געמוזט פירען א ביטערען קאַמף, און שטענדיג באַקומען א נישטיגען טייל פון דעם, וואָס מיר האָבען געברויכט. אין לעצטען יאָר האָט די „פּיפּעלס רעליף" ענדליך באַשלאָסען צו שיקען אוממיטעלבאַר פאַר די שולען א טייל פון די געלדער, וואָס זי קלייבט. האָבען מיר געמיינט, אַז אָט־אָט וועט ווערען בעסער. אָבער צום באַדויערן איז די טעטיגקייט פון דער פּיפּעלס־רעליף גוואַלדיג אָפּגעשוואַכט געוואָרען. מען שיקט ווייניג, מען שיקט זעלטען, און דער גרויסער דלות ווערט אַלץ שווערער און שווערער.

דער מאַנגעל אין געלט באַדייט נישט גלאַט א מניעה פאַר דער שול־ארבעט. ס'איז ווייניג וואָס ער שאַפט א שטענדיגע אומזיכערהייט און צעדריקט, ווי שווערע לאַסט, די ענערגיע און די איניציאַטיוו. דער דאָזיגער דלות באַדייט א הונגער אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט. וואָרים מען מוז „מאַכען עקאָנאָמיע", און אויף וואָס קאָן מען מאַכען עקאָנאָמיע? דעם לענדלאָרד פאַר דער דירה דאַרף מען צאָלען צו דער צייט, — ווען נישט, וועט מען אָנווערען די דירה; פאַר דער עלעקטרי, פאַר'ן גאַז מוז מען צאָלען; דער דינערשאַפט מוז מען צאָלען. וואָס זשע טוט מען, ווען עס פעלט געלט? מען צאָלט נישט די לערער און מען פאַרקלענערט דאָס עסען פון די קינדער. פריער פּלעגט מען אין מאַנכע שולען געבען צו עסען דריי מאָל א טאָג; דערנאָך האָט מען פאַרקלענערט ביז צוויי מאָל א טאָג; און דערנאָך האָט אויך אויף צוויי מאָל נישט געקלעקט, פּלעגט מען נישט אַלע טאָג געבען אפילו די צוויי מאָלצייטען. זיינען

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## 6. לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי

לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי, איינער פון די גרעסטע קינסטלער פון דער איטאליענישער רענעסאנס עפּאָכע און איינע פון די וואונדערליכסטע פערזענליכקייטען אין דער געשיכטע פון רעם מענשליכען גייסט, איז געבוירען געוואָרען אין דעם דערפעל ווינטשי, נישט ווייט פון פלאָרענץ, אינ'ם יאָר 1452 און איז געשטאָרבען אין פאריז אינ'ם יאָר 1519. ער איז געווען אַן אומגעזעצליכער זוהן פון דעם פלאָרענטינישען נאָטאריוס פיאטראָ און דער פויערטע קאטארינא.

לעאָנארדאָ האָט זיך אויסגעצייכענט אפילו צווישען די טאלאנטפולסטע מענשען, וואָס ווערען באטראכט פאָר דעם בחיר פון דער מענשהייט. די נאטור האָט די בעסטע מתנות אירע אוועקגעלייגט צו זיינע פיס: אויסערגעוויינליכע שענקייט, פיזישע קראפט, א קרעפטיגען, לאָגישען פארשטאנד, די געניאליטעט פון ערפינדער און, ועל כולם, אלע קינסטלערישע טאלאנטען. לעאָנארדאָ דא ווינטשי איז געווען א פּאָעט און א מאלער, א סקולפטאָר און א מוזיקער, אַן ארכיטעקטאָר און אַן אינזשיניער, א מעכאניקער און א נאטורפאָרשער. דערביי דאַרף מען נעמען אין באטראכט, אז אין יענער צייט זיינען נישט געווען קיין וויסענשאפט און קיין שולען אין דעם היינטיגען זין פון וואָרט, און לעאָנארדאָן איז אויסגעקומען אלץ אליין צו דערפאָרשען, צו מאכען אלע באָבאכטונגען און אויספיהרונגען גאנץ זעלבסטשטענדיג. דער דאָזיגער פאקט ווייזט אָן אויף דעם גוואַלדיגען שוואונג פון זיין שאפונגס־גייסט. שוין אויף זיינע צייטמענשען האָט ער געמאכט א באצויבערענדיגען איינדרוק. און אונז שטעלט ער זיך פאָר ווי דער שטראלענדיגער אפּאָלאָן, וואָס איז ארונטער פון די ליכטיגע הויכקייטען פון אָלימפּוס, כדי צו צעטרייסלען אונזערע הערצער מיט אנטציקונג און אריינצוגיסען אין זיי די אמונה אין דער שיינקייט פון דער מענשליכער נאטור.

וואזארי, איינער פון זיינע צייטמענשען, שרייבט וועגען אים:

„שוין נישט רעדענדיג פון זיין קערפּערליכער שיינקייט, וואָס איז געווען העכער פון יעדען שבח, אין זיין יעדער באוועגונג איז געווען פּראכט אָן א ברעג; ער האָט פארמאָגט אזא טאלאנט, וואָס מיט אים איז לייכט געווען בייצוקומען אלערליי שוועריגקייטען, וואָס האָבען זיך אים באגעגענט. ער איז געווען א גבור און אין דער אייגענער צייט פלינק; זיין שכל און דרייסטקייט האָבען אלעמאָל זיך אויסגעצייכענט עפּעס מיט א מאיעסטעטישען און גרויסמוטיגען כאראקטער, און דער צויבער פון זיין נאָמען איז געווען אזוי גרויס, אז שוין ביים לעבען איז ער געווען בארימט. און נאָך זיין טויט איז ער נאָך מער בארימט געוואָרען. לעאָנארדאָ, דער זון פון פיאטראָ ווינטשי, איז באמת געווען וואונדערליך און געטליך."

דער פרוכטבארסטער פעריאָד פון לעאָנארדאָס טעטיגקייט הייבט זיך אָן פון יאָר 1480, בעת דער הערצאָג פון מילאן לואי ספאָרצא האָט אים איינגעלאדען אין זיין הויף, צוערשט אלס זינגער און מוזיקאנט, און נאָכדעם אויך אלס ארכיטעקטאָר, מאלער, סקולפטאָר און מעכאניקער. לעאָנארדאָ האָט גערן אָנגענומען די איינלאדונג אין האָפענונג, אז דער הערצאָג וועט אים געבען מיטלען אויף צו פארווירקליכען זיינע גראנדיעזע פלענער.

אין דער דאָזיגער צייט האָט לעאָנארדאָ שוין געמאכט פאָר דעם באזיס פון זיין קינסטלערישען שאפען די וויסענשאפטליכע פאָרשונגען פון דער נאטור און אירע ערשיינונגען. זייענדיג אין ריזיקע געכאפט און פארברענט צו ווערען אויפ'ן פלאקער־פייער אלס מכשף, האָט לעאָנארדאָ פונרעסטוועגען געקראָגען טויטע קערפּער פאָר זיינע אנאטאָמישע פאָרשונגען. און כדי צו דערפאָרשען די באוועגונגען און דעם אויסדרוק פון מענשליכע פנים'ער און פיגורען, איז ער געגאנגען אין די ערטער, וואו א סך מענשען נייען ארום, האָט באגלייט פארברעכער צים אָרט פון דער הינריכטונג און פלעגט באלד אָנוואָרפען צייכענונגען אין זיין טאשענביכעל, וואָס ער פלעגט אלעמאָל טראָגען מיט זיך.

נאָר אויך אלס געלערנטער פלעגט ער ארבעטען ניט אלס דילעטאנט און ליבהאָבער, נאָר ווי א ספעציאליסט. ער האָט געצייכענט אַן אנאטאָמישען אטלאס, האָט געשריבען א וויסענשאפטליכען טאָגבוך, און זיין „טראקטאט וועגען מאלעריי", וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרען ביז היינט, שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעס אויך פאָר היינטיגע מאלער. אין אים רעדט ער וועגען די מאָסען און פּראָפּאָרציעס פון דעם מענשליכען קערפער, וועגען די געזעצען פון דער פּערספּעקטיוו, וועגען דעם שפּיל פון ליכט און שאָטען אויף פיגורען און לאנדשאפטען, וועלכע דער קינסטלער מוז דארשטעלען, און אז. וו. די פריערדיגע קינסטלער האָבען זיך ניט באמיט צו זיין אזוי נאָענט צו דער נאטור, זייערע שאפונגען זיינען געווען אבסטראקט און ווייט פון דער ערד. אין געגענזאַץ צו זיי, איז לעאָנארדאָ געווען א רעאליסט. ער האָט געזאָגט, אז דער קינסטלער מוז זיין א זון פון דער נאטור.

עס איז כאראקטעריסטיש דער פאקט, אז בעת לעאָנארדאָ האָט זיך פארנומען מיט זיינע וויסענשאפטליכע ארבעטען אין מילאן, האָט ער געמאכט צייכענונגען פון א פלימאשין און האָט פּרובירט אויפבויען זי. אים האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבען, ווייל די דאמאָלדיגע טעכניק איז נאָך ניט געווען פאָלקאָם אנטוויקעלט. נאָר דער געדאנק אליין דערנענטערט אים מיט אונזער צייט, מיט אונזערע אויפגאבען, אים, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט איוואן דעם שרעקליכען! איינס פון זיינע הויפּט־ווערק אין מילאן איז געווען די בילד „די געהיימע ווע־

---

די קינדער הונגעריג. און די לערער צאָלט מען דעם געהאלט אמאָל מיט א פארשפּעטיגונג פון עטליכע חדשים. זיינען די לערער הונגעריג. הונגעריגע לערער און הונגעריגע קינדער — צי איז דאָס נישט א באמת שרעקליכע זאך?

אמעריקע, קאָן העלפען און אמעריקע מוז העלפען. מען מוז זיך ערנסט פארטראכטען וועגען דעם, ווי אזוי ארויסצוברענגען די פּיפּעלס־רעליף פון יענעם צעקראָכענעם צושטאנד, אין וועלכען זי געפינט זיך איצט. אויך דער ארבעטער־רינג, וועלכער האָט א סך אויפגעטאָן פאר אונזערע שולען, מוז זען צו פארטאָפּלען און פארדרייפאכען זיינע אָנשטרענגונגען. און עס וואָלט געווען זייער וויכטיג צו פאראינטערעסירען אין דער זאך נאָך אנדערע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען ביז איצט געשטאנען — מיט קליינע אויסנאָמען — אָן א זייט. איך מיין דאָ קודם כל די לאנדסמאנשאפטען. זיי שיקען מאסען געלט אין דער אלטער היים. אין וועמענס הענט פאלען זיי אריין? וויפיל באקומען די ארבעטער־אינסטיטוציעס? וויפיל באקומען די שולען? גאָרנישט אָדער כמעט ווי גאָרנישט! עס איז שוין די העכסטע צייט צו רעגולירען די פראגע. עס איז שוין די העכסטע צייט צו מאכען א סוף צו דער הפקר־ווירטשאפט. עס מוז איינגעפירט ווערען א כלל, אז פון יעדער סומע, וואָס די לאנדסמאנשאפט שיקט אָפּ, זאָל א באשטימטער טייל אסיגנירט ווערען פאר די שולען, און אזוי ווי אלע אונזערע שולען זיינען צענטראליזירט איבער'ן גאנצען לאנד, מוז דאָס געלט געשיקט ווערען דורך דער צענטראלער שול־אָרגאניזאציע אין ווארשע. די לאנדסמאנשאפטען וואָלטען געווען אימשטאנד אָן א גרויסער אָנשטרענגונג באזאָרגען אונזער שול־באוועגונג מיט דער גאנצער סומע געלט, אין וועלכער זי נייטיגט זיך. עס וועט זיין א גרויסע עולה. אויב די הינע טוער וועלען דאָס ניט טאָן.

טשערע" אויף דער וואַנט פון דער קירך סאַנטאַ מאַריאַ דעלע גראַציע.

ביים הויף פון דעם הערצאָג ספאָרצאַ האָט לעאָנאַרדאָ פאַרבראַכט 16 יאָר. דאָס איז געווען די רעכטע בליאונגס־תקופה פון זיין זשעני. אָבער זיינע האָפענונגען אויף דעם הערצאָגס מאַטעריעלער שטיצע זיינען ניט פאַרווירקליכט געוואָרן. ניט אכטענדיג אויף דער מאַסע עסקים, וואָס מען האָט אים איבערגעגעבען, איז אים אָפט אויסגעקומען צו ליידען נויט, ער האָט אפילו נישט געהאַט נענוג מיטלען אויף צום לעבען. דער הערצאָג האָט אים צולעצט אוועקגעשאָנקען אַ וויינגאָרטען. אין דער אייגענער צייט האָט לעאָנאַרדאָ געעפענט אין מילאַן אַן אַקאַדעמיע, וואו עס האָבען זיך אונטער זיין לייטונג באַשעפטיגט פיל יונגע קינסטלער. און דאָ, האָבענדיג אזוי פיל אַרבעט, האָט ער זיך פונדעסטוועגען ניט אָפּגעזאָגט אנטייל צו נעמען אין דעם גלענצענדען לעבען, וואָס ווערט געוויינליך געפירט אין דעם הויף פון אַ הערצאָג. לעאָנאַרדאָ איז ניט געווען קיין אַסקעט, ער האָט אויך ליב געהאַט די וועלט. דער הערצאָג פלעגט אים געוויינליך איבערגעבען צו אַראַנזשירען די פאַרשידענע פייערונגען און בעלער אין הויף. און דאָ פלעגט לעאָנאַרדאָ געבען פולע פרייהייט זיין געטליכער, שטראַלענדער פאַנטאַזיע, וועלכע איז געווען פול מיט פּראַכט און שאַרפזין. מען דערציילט, אַז בעת אין מילאַן איז געקומען קעניג פראַנסיס דער 1־טער, איז אַ לייב, וואָס לעאָנאַרדאָ האָט געמאַכט אויף פּרוזשינעס, אַרויסגעגאַנגען דעם קעניג אַנטקעגען, און צערייסענדיג זיין ברוסט מיט די לאַפּעס, האָבען זיך גענומען שיטען פרישע ליליען — דאָס בלימעל פון דעם פראַנצויזישען הערב.

לעאָנאַרדאָ האָט פאַרלאָזען מילאַן אין דעם יאָר 1500, בעת די פראַנצויזישע אַרמיי איז דאָרט אַריינגעדרונגען און הערצאָג ספאָרצאָ האָט פאַרלוירען זיין מאַכט. איצט איז לעאָנאַרדאָ אַריבער צו דעם הערצאָג צעזאַר באָרדזשיאַ אַלס מיליטערישער אינזשיניער, און דאָ האָט ער נעאַרבעט איבער די לאַנדקאַרטען פון איטאַליען. אין דער אייגענער צייט האָט ער אויך געמאָלען אַ סך פּאָרטרעטען. מאַנכע זיינען פאַרפאַלען געוואָרען, מאַנכע זיינען נאָך היינט דאָ אין פאַרשידענע בילדער גאַלעריען פון אייראָפּע.

אין דעם יאָר 1513 אי לעאָנאַרדאָ געווען אין רוים, וואו ער האָט געמאָלען די מאַדאָנע אויף דער וואַנט פון דעם מאָנאַסטיר פון דעם הייליגען אַנאַפריוס. נאָך צעזאַר באָרדזשיאַס נידערפאַל האָט לעאָנאַרדאָ זיך צוריקגעקערט אין פלאָרענץ, וואו ער האָט געשאַפען עטליכע וואונדערשיינע זאַכען. דאָ איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטען צוזאַמען מיט מיקעל אַנדזשעלאָ. מיקעל אַנדזשעלאָ, דער פאַרביטערטער, גאַליגער גאון, האָט פיינט געהאַט לעאָנאַרדאָן. אַנדזשעלאָ, „דער גאון פון כאַאָס", האָט נישט פאַרשטאַנען די האַרמאָניש־גלייכגעוויכטיגע נאַטור פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי. מיקעל אַנדזשעלאָ איז אינגאַנצען געווען פון פייער און שטורעם, בעת לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז געווען אַ מענש, וואָס איז פול מיט האַרמאָניע, וואָס האָט אומעטום געזוכט האַרמאָניע און רואיגקייט.

אומגעפער אין יענער צייט האָט דאַ ווינטשי געמאָלען צוויי פּאָרטרעטען, וואָס זיינען באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט — מאָנאַ ליזאַ און דזשינעווראַ בענטשי. דאָס געזיכט מאָנאַ ליזאַ, ניט אַכטענדיג דערויף וואָס די פאַרבען זיינען שוין באַדייטענד פאַרוועלקט וועוואָרען, מאַכט נאָך היינט אַן אויסערגעוויינליכען איינדרוק אויף'ן צושויער. דאָס געזיכט איז אזוי ווי לעבעדיג און אַ געהיימניספולער אומבאַשטימטער שמייכעל ציטערט אויף זיינע אויסגעצויגענע ליפּען. הונדערטער פּאָעטען און שריפטשטעלער — שרייבט מוטער אין זיין „געשיכטע פון קונסט" — האָבען געשריבען וועגען דער דאָזיגער פרוי, וועלכע, אָט שמייכעלט זי צו אונז פאַרפירעריש, און אָט קוקט זי אין רוים (ספּיים) קאַלט און זעלענלאָז, און קיינער האָט ניט געטראָפען איר שמייכעל און קיינער האָט ניט אַריינגעדרונגען אין איר געדאַנק."

מאָנאַ ליזאַ איז געווען די פרוי פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס פריינד — דזשיאָקאָנדאַ. מען רעכענט, אַז לעאָנאַרדאָ, נאָך זייענדיג אַ קינד, איז איבעראַשט געוואָרען פון זיין מוטערס כאַראַקטעריסטישען שמייכעל און אַז נאָר דאַן בעת ער איז שוין אַלט געווען פופציג יאָר האָט ער ווידער אַמאָל דעם דאָזיגען שמייכעל באַגעגענט אויף מאָנאַ ליזאַס פנים. זינט דעמאָלט האָט דער דאָזיגער שמייכעל פאַרפאָלגט דעם קינסטלער און ער האָט אים געמאָלט אויף פאַרשידענע עטיודען. איבער מאָנאַ ליזאַ האָט לעאָנאַרדאָ געאַרבעט 4 יאָר. די דאָזיגע בילד ווערט באַטראַכט פאַר דאָס ווערטפולסטע פון די עקזיסטירענדיגע אוצרות פון מאַלעריי. אין יאָר 1911, בעת די דאָזיגע בילד איז פאַרשוואונדען פון לואווער (אַ בילדער־גאַלעריע אין פּאַריז), איז די גאַנצע קולטור־וועלט אויפגעציטערט געוואָרען.

די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען האָט לעאָנאַרדאָ פאַרבראַכט אין פראַנקרייך אונטער'ן שוץ פון קעניג פראַנסיס דעם 1־טען, וועלכער איז געווען לעאָנאַרדאָס הייסער אָנהענגער און האָט זיך צו אים פאַרהאַלטען מיט טיפער אַכטונג. דאָ האָט דאַ ווינטשי געאַרבעט איבער אַ פּראָיעקט פון אַ קאַנאַל צווישען טוריין און ליאָן.

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז געווען אַ סאָלידער וויסענשאַפטס־מאַן, אַן אויסגעצייכענטער מאַטעמאַטיקער. עס איז זייער טשיקאַווע, לעאָנאַרדאָ איז געווען דער ערשטער אין איטאַליען, און עס קאָן זיין אויך אין אייראָפּע, וואָס האָט אַריינגעפירט אין געברויך די צייכענס פון פּליוס און מינוס (+ פּליוס, — מינוס). לעאָנאַרדאָס גרעסטע פאַרדינסט אַלס וויסענשאַפטס־מאַן באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט פריער פון בייקאָנען טעאָרעטיש פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון עקספּערימענטאַלער פאָרשונג און פריער פון גאַלילייען האָט ער פאַרשטאַנען אָנצואווענדען דעם עקספּערימענטאַלען מעטאָד צו די סאַמע פאַרשידענאַרטיגע געביטען פון וויסען.

אין זיין טאָגבוך זיינען פאַרצייכענט די באָאַבאַכטונגען, וואָס ער האָט געמאַכט איבער דעם, ווי אזוי פויגלען פליען — ווי אזוי עס פליען פויגלען מיט קורצע עקען און פויגלען מיט לאַנגע עקען, ווי אזוי זיי האַלטען די פליגלען און זיי קירעווען זיך. דאָס האָט ער באַדאַרפט פאַר אַ פלי־מאַשין, וואָס ער האָט געוואָלט אויפבויען. ער האָט אויך פאַרצייכענט אין זיין טאָגבוך, אין וועלכע לוזשעס עס שפּיגלען זיך אָפּ די פאַרבען פון אַ רעגענבויגען און אַ סך אַנדערע ווערטפולע וויסענשאַפטליכע באָאַבאַכטונגען. עס האָט געגלויבט, אַז מענשען וועלען צולעצט ערפינדען אַ פלי־מאַשין.

אין איין אָרט שרייבט דאַ ווינטשי: ווען איך באַשעפטיג זיך מיט אַ וועלכען איז געגענשטאַנד, מאַך איך קודם כל פּראָבען, עקספּערימענטען, און דערנאָך מאַך איך אויספירען און בוי באַווייזען. אָט דאָס איז די מעטאָדע, וואָס מען דאַרף באַנוצען, פאָרשענדיג נאַטור־ערשיינונגען. דער אויסטייטשער פון דער נאַטור, איז ערפאַרונג, עקספּערימענט. ערפאַרונג נאַרט קיינמאָל ניט אָפּ; אונזער אורטייל נאַרט זיך אַמאָל אָפּ, ווייל ער ערוואַרט רעזולטאַטען, וואָס ווערען ניט באַשטעטיגט מיט דער ערפאַרונג. מען דאַרף מאַכען עקספּערימענטען, אומענדערענדיג די אומשטענדען, ביז וואַנען מיר וועלען ניט אַרויסברענגען פון זיי אַלגעמיינע כללים; מחמת די ערפאַרונג גיט אונז וואָרהייטליכע כללים. אָבער צו וואָס דינען די כללים? — פרעגט איר. איך וועל ענטפערען: זיי ריכטען אונזערע פאָרשונגען אין דער נאַטור און אונזערע אַרבעטען אויף'ן געביט פון קונסט. זיי היטען אונז אָפּ פון מיסברויכונגען און פון ניט גענוג רעזולטאַטען.

אזוי האָט געשריבען לעאָנאַרדאָ אין סוף פון 15־טען און אין אָנהייב פון 16־טען יאָרהונדערט.

# אין חושך

(אַ פראַגמענט)

פון פ. בימקא

דער שטן (שווימט אַרויס):
שטיל...
ערגיץ רוישט אַ מיל...
די שטיינער מאָלען קערנער
און פליגעל, ווי די הערנער
פון אַן אָקס אַ ווילדען,
שטויסען אין דער ערד,
ווי פּאָדקאָוועס פון אַ בלינדען
פערד...
ס'וועבט זיך אומרואיג די פינסטערניש.
האַרמאַטען ברומען ווי די בייזע הינט, און
ווי יונגע שטיפערישע מייזלאַך — פייפען די
קוילענוואַרפער.)
(אין אַ הייפעלע סאָלדאַטען אַ געשפּרעך):
— עס בייסט מיך אין געזיכט...
— גיי, מיר קריכט
איבער'ן גאַנצען לייב...
(קראַצט זיך אימה'דיג.)
רייב... און רייב...
(פויזע.)
איינער (מיט אַ געניין):
קאַ—אַ—ל—ט!
צווייטער:
מ'ווערט גראָ,
מ'ווערט אַלט...
(טוליעט זיך.)
דריטער (פול יאוש):
ס'זאָל דאָס אויפהערען אַ שעה...
פערטער:
דער קאָפּ איז ווייס...
צוואַנציג יאָר — גראָ־גרויז...
ערשטער:
אַ רגע איינגעשטילט,
אָפּגעבילט,
און מ'כאַפּט אַ דרימעל —
גיט אַ שאָס,
ווי מ'צעברעכט אַן ערדענעם טאָפּ;
און באַלד דערנאָך אַ גאָס
אַראָפּ, איבער'ן קאָפּ,
ווי אַ שלאַקס־רעגען
מיט בליי —
און ס'ליגען הרוגים ווי אָפּגעקאָסעט היי;
פאַרשיט זיינען אַלע וועגען
מיט פּראָך...
עמיץ (רייסט זיך אַריין, אויף אַ באַסען־קול):
מ'קריגט די געלע זאַך!...
יענער (וואָס פריער):
אוואַן אין הימעל
פאַלען אַריין רויטע פלעקען,
אויף אומענדליך ברייטע שטרעקען,
ווי ביי אַ שאַרלאַך־קראַנקען,
און באַוואַקסען מיט אַ שימעל
ווי די נאָזלעכער ביי אַ הונט אַ קראַנקען.
פאַר'ן טויט, תחילת צאַנקען....
אַ זע־נער (פאַר'חלומ'ט):
יונגע לעבענס דאַנקען
מידע אָפּ...
איינער (גראָבט עקשנות'דיג מיט אַ לאָפּאַטע,
און באַגיסט זיך גוט מיט שווייס):
גראָב... גראָב...
דאָ דאַרף ערגיץ ליגען אַן אוצר
אימפעריאַלען;
עפּעס איינער, פון די גענעראַלען
איז געפאַלען,
אַ ווילדער מאַגנאַט, - -
מ'זאָגט, אַז מ'האָט אים דאָ באַשמאַט,
און אויפגערויכט.

אַ פרישער (קערט זיך איבער, רעדט פון
שלאָף אַרויס):
נעכטען פאַרזוימט
זאָגען יוצר...
דער ערשטער (וואָס מאַטערט זיך, קען נישט
איינשלאָפען):
כ'האָב ס'געפיל:
ווי אַ מיל,
וואָס הערט נישט אויף צו מאָלען
און ווי אַ וואַסער־זעג
גאַנצע נעכט און טעג, —
צו שניידען באַלען;
און דאָס פראַלען
פון די ווילדע פערד
דערמאָנט אין שלעכטער ערד —
מיט שטיינער פיל...
יענער (וואָס רעדט פון שלאָף אַרויס, אומ־
באַדייטענד):
קי־ו־ל...
דער זעלנער (מיט'ן באַסען־קול):
די געדערים איינגעדאַרט,
ווי ביי אַ כאַרט...
(נעמט אַרויס אַ קנויפּערל און שניידט.)
סך־הכל: אַ ווייסען מער
פון פעלד אַרויסגעצויגען...
דער פאַר'חלומ'טער (פאַר זיך בלאָנזשעט):
אַ פערל־טרער
אויסגעפרעסט פון אירע אויגען...
איינער (הילט זיך אַרום איבער'ן קאָפּ, באַ־
קוועם):
עך... נישט: ס'ביסעלע שלאָף
וואָלט איך זיך אויסגעקליבען אַ שטראָף:
אַליין דעם קאָפּ אַראָפּצוהאַקען!...
אַ צווייטער (פון די שלאָפעדיגע):
מ'ברויך זיין אָבער אויסגעהיטען!...
דאַכט זיך: וועלפען־ציינער צאַקען
אַרוּם אונז, און אין מיטען...
אַ דריטער (פון די שלאָפעדיגע):
מ'שלאָפט איין.
צוקאָפּענס — אַ שטיין,
און אויף דער גאָלער ערד...
דער פאַר'חלומ'טער (וואָס פלאָנטערט זיך
מיט אויסגעשפּרייטע הענט):
מיין האַרץ באַגערט
איר בליק...
יענער (וואָס גריזשעט דעם ווייסען מער,
פּראָפּט־אויף אַ בלעכען פלעשעל):
פאַרבליבען טיי — אַ פּאָר שליק...
(טרינקט און שפּייט אויס.)
וואַרים, השתנה...
איינער (מיט יאוש, אין אַן אָפּגעזונטערטער
גרופּע):
די הכנה
איז ערגער פאַר'ן גופא שטאַרבען...
אַ צווייטער (אים, אין שכנות):
אין שאַרבען
האָט זיך עפּיס אופגעקליבען
אַ רעשטעל אַלטע שירים...
נעמט אַ קלאָגעדיגען מאָטיוו.)
אַ פאַרוואונדעטער (אויפגעוועקט פון שלאָף,
נערוועז, קריצט מיט די ציין פאַר
ווייטאָג):
כ'גיי אויס פאַר יסורים!...
ס'גרילצט אין קאָפּ, גלייך ווי
מ'וואָלט מיט אַ ברי
אייזען, גערירט די געהירען...
נעם, קלעטער כאָטש אויף טירען,

זיך דראַפּען
אויף די בערג פון אַ פּאַפּירענער מאַפּע!
נישטאָ, ווער ס'זאָל פאַרבינדען
מיר, די וואונדען...
יענער (מיט'ן באַסען־קול, שטייט־אויף):
ס'ברויכען זיין דאָ די פעלדער ריבען...
(אָפּגייענדיג.)
כאָטש ברויט אַ קריש...
(פאַרשווינדט.)
יענער (וואָס גראָבט דעם אוצר, שטייט אָפּ
פון די כחות):
ווי אַ פלעדערוויש
וואָלט אָפּגעווישט יעדען זכר...
(נעמט גראָבען אויפסניי.)
אָפילו, אַ ווייכער
באָדען, פייכט און נעציג...
עמיץ (פאַר זיך):
ס'לייב איז קרעציג...
יענער (וואָס גראָבט, פאַרצווייפעלט):
טרעף: וואו ס'גאָלד ליגט פאַרשיט?...
נעם טיף, גראָב פלאַך,
גראָב אין עק, אין מיט,
אַ האַרטער שטיין, אַ וואָרצעל פון אַ בוים,
ס'איינע געזאָגט אַ סימן: לעבען שלאַך..
(מיד.)
די הענט רירען קוים,
פאַלען־אָפּ ווי שווערע שטיקער בליי;
עס טאַטשעם זיך פון מויל די שוים, —
און וואָס אַ שעה, איז אָנהייבען אויפסניי.
(גראָבט עקשנות'דיג ווייטער.)
איינער (פאַרעט זיך אַרום אַ שטיוועל):
וואָלט געוועזען ליכט,
וואָלט איך מיר פאַרריכט
אַ זויל...
אַ צווייטער (שפּייט און כראָקעט):
פּאַסקודנע אין מויל!...
ביטער־גאַל, —
מ'קאָן די צונג אָפּשאָבען
מיט אַ מעסער...
אַ דריטער (שפּילט אים אונטער):
חזרים אין שטאַל
האָבען זיך'ס בעסער
ווי מיר אין גראָבען!...
עמיץ (כאַפּט זיך אויף, ראַפּטום):
ס'נעמט ווער אַ קאָרט?...
(עטליכע כאַפּען זיך צו די קאָרטען.)
דער באַוואַקסענער (שאָבט דאָס פּנים):
שרעקליך בייסט די באָרד...
אַ שפּאָרע צייט נישט געגאָלט...
איינער (פון די יעניגע, וואָס האָבען גענומען
אַ קאָרט אין דער האַנט אַריין, פּעסט):
ס'איז באַצאָלט!
אַ צווייטער (צאָלט זיך אויס, און קלאָגט
זיך):
פינסטער.
מ'זעט: אויף וואָס מ'שפּילט?...
דער קרעציגער (שאָבט דאָס פּנים, ווי פריי־
ער):
און דערצו, דערקילט...
(קאָרטענשפּיל.)
דער קרעציגער (זוכט אין די קליידער):
דער וואָרם דער מינדסטער,
איז גרויס ווי אַ ניס;
עס בייסט אין די פיס,
אין שויס, —
באָטש קנייפּ מיט די ציין אַרויס..

א שפילער (ווארפט קארטען):
מכה שעל!
דער פאר'חלום'טער (פלאנטערט זיך אויף זיינע אייגענע פיס):
ס'ווערט העל...
ליכטיגער אויפ'ן הימעל! ...
אן אפיציר (קומט ארויס אויפ'ן פונקט, אין די בלויזע הויזען, שכור'לאך, שניפט מיט'ן נאז):
סא־ר־א טו־מע־ל? ...
איינער (פון די שלאפענדיגע, ציט אריבער די דעק איבער'ן קאפ און גענעצט):
שפ־ע־ע־עט! ...
אפיציר (שלאגט זיך אן אין פאר'חלם'טען):
כ'פרעג: וואו מ'געהט? ...
געשפרעך (צווישען די ליגענדע אויף דער ערד. איינגעטוליעט אין די דעקען):
— נישטא קיין כח...
— דער רויך.
פרעסט אויף ס'געזיכט...
— אויפ'ן לייב קריכט
דאס אומפליויט...
אפיציר (קוקט משוגה. שניפט):
כע... מ'ליגט דא אויסגעשפריוט
ווי אונטער די ביימער אין גארטען...
(תמ'עלט.)
דוכט זיך: מ'שפילט אין קארטען...
פאר'חלום'טער (פלאנטערט זיך כסדר):
ס'רוקען זיך די שעה'ן...
אין גראען
וועכט זיך עפעס אויס, —
דער טאג קומט פון ים ארויס
אויסגעצוואגען...
אפיציר (פארהערט, שמאסעלט שכור'לאך):
וואו... געשלאגען — — — ?
א שפילער (ראפטופ):
אויבער גרין!
אפיציר (שטעלט זיך אוועק אויף הילצערנע פיס):
און וואו איז דיסציפלין?
צווייטער (פון די שפילער, וואס קוקט לאנגזאם דורך די קארטען פון צווישען די פינגער, גיט זיי א שאס אוועק מיט נצחון):
דריי שטיק פון איין מין!
אפיציר (וואקלענדיג):
סאלדאטען,
וואס־עפיס, אויסבאהאלטען? ...
ס'גרייט זיך אויף א שטורם! ...
דער שטן (שווימט ארויס. פינסטער):
ס'א־וואַרם..
פאר'חלום'טער:
א כמארע קומט,
אויפ'ן הימעל שווימט
ארויס, א טיף־בלייך אויג. —
איך בויג
מיין קאפ אין דער נידער,
און לאז זיך א מידער, א מידער
טראפ אין דיין שוים...
שטן:
ס'וועלקט יונגערהייט א רויז...
אפיציר (קאלט):
א פסיכאפאט!
עטליכע (גיבען זיך אווארף באותו רגע):
— א ראט!
— א ראט!
— א ראט!
אפיציר (קוקט זיך מיף ארום):
סאל־דא־טען! ...
איינער:
מ'ברויך זיך שטארק היטען פון די רא־טען! ...
צווייטער:
קענען אנבייסען אן אויער! ...
דריטער:
גראבען זיך אונטער דורך א סויער! ..
אפיציר (נעמט אן פאר'חלום'טען, שאקעלט אים):
אין גראבען אונטערגעהן! ...
(גיט אים א בריקע מיט'ן פוס.)
פאר'חלומ'טיר (פאלט אום, קוקט שטאר מיט די אויגען, הויכט אויף די חענט):
כ'קאן נישט ביישטיין
דעם נסיון
פון דער שלאכט;
ס'כאפט אין קאפ א שגעון
ס'הארץ, עס שרעקט. —
עפיס, דאכט זיך, עקט
מיט מיר די נאכט...
אפיציר (שלעפט ארויס דעם שווארצען רע־וואלווער):
כ'גיב פון שווארצען לאך
א לאז־נאך
דאס צינגעל, —
ווערסטו טויב און שטום...
פאר'חלום'טער (מיט געבעט):
כ'בין געווארען פרום,
פרום ווי א יונגעל,
וואס איז רוי און פריש, —
באגייסטערט זיך פון יעדען קריש;
מיין בליק איז געווענדעט
צו אים, —
וואס פארלענדט,
צענעמט די ווענט
פון טיפען הימעל־ברייטען רוים,
וואו עס זעט זיך קוים
זיין הוילער אפשיין;
כ'גיי אליין
אריבער דארטען,
ביים בארטען
פון א זוניג־העל געצעלט,
וואו דאס לעבען קוועלט
אויפגעשטראלט, —
און פון הימעל פאלט
דער טוי;
ס'איז כאראו
א טיף־צעברענטער האריזאנט.
און אויגען־בלאנד,
וואס לאקען,
ווי דערשראקען,
צום לעבענס־שטאפעל,
וואס הענגט אין מיט,
אומעטום, —
נישט גלייך, נישט קרום,
ווי א פאר'כשופ'טע רוט,
וואס גיט זיך קיינמאל נישט קיין בויג,
און נישט קיין צאפעל...
אפיציר:
ציטערען זאל דיין אויג,
און דאס שווארצאפעל
אויסרינען...
שטן (עמפערט):
ווי שווארצע שפינען
אין זייער אייגען נעץ,
פארצערט דאס לייב פון קרעץ, —
קריכען טיר, טאג־אוים,
טאג־איין;
די פינסטערניש איז גרוים,
דאס ליכטיגקייט איז קליין
און ווינציג;
אויסגעפלאכטען קונציג
איז דאס געוואנד,
וואס טיילט אונז ווייניג אפ
פון דער שווארצער ראב —
מיט א סודות פולער האנט,
מאכט אונז אונטערטעניג..
(אן אומרואיג געמורעל צווישען מיל־טער.)
אפיציר (שיסט אוים):
איר ווערט ווידערשפעניג!
פאר'חלום'טער (פאלט ריבער, באגיסט ז אין זיין אייגען בלוט, און גוסס'ט):
כ'קאן נישט לעבען מער...
אין מיין לעצטער טרער
ווערט א נשמה־פלעק
אראפגעשווענקט...
איינינע (הויבען אים אונטער):
— טראגט אים אוועק! ...
— טראגט אים אוועק! ...
— טראגט אים אוועק! ...
(טראגען אים אראפ.)
דער שטן (שפריצט מיט פייער פון זיין נאז־לעכער):
צו די הימלען געבענקט,
געצויגען, —
מיט פארגלייזטע אויגען
געזוכט א סוד א שטומען —
און אומגעקומען! ...

---

# יום כפור

פון יונה קאמינקאווסקי

טליתים... און קיטלען... און שניי־ווייסע קליידער
די שול און די שטוב איז אין ווייסען געקליידט...
און שעפטשען א תפילה צום „האר אלער וועלטען"
אויף פנים'ער מידע און בלייכע ווי קרייד...

און ס'שטייען די מענשען אין דרייען געבויגען
און קוקען אין מחזור פאראומערט, פארקלערט,
און שעפטשען א תפילה צום „האר אלער וועלטען"
און קניען ווי קנעכט מיט'ן פנים צו דר'ערד...

און ס'וויינען ווי קינדער די זינדער די אלטע,
און ס'רייסט זיך צום הימעל אן ערדיש געבעט...
און ס'טראגט אין דער לופט זיך א שרעקליכער ודוי,
און ס'קלאפט אינ'ם הארץ זיך א שווערער על חטא...

נאר דארט אויפ'ן הימעל איז אלץ אזוי רואיג,
און ס'דאכט זיך—קיין זאך גאר דערגרייכט נישט אהין.
און ס'עגבערט דעם מוח א שאלה אן אויפהער:
ווער בעט עס, ווער דארף עס, צי האט עס א זין...

# די ציין און זייער שייכות צו קערפערליכע קראנקהייטען

פון דר. יעקב אפפער

דאס איז אן אלטעגליכע ערפארונג אין דער דענטיסטישער פראקטיק:

א פאציענט קומט אריין אין אפיס און דערציילט, כמעט מיט א געלעכטער, אז דער דאקטער (מעדיצין) האט אים גע־הייסען גיין קורירען די ציין, ווייל ער ליידט פון א קראנקהייט אויף די פיס. ווי קומען די ציין צו די פיס?

די מעשה דערפון איז אזוי: דער מענשליכער קערפער איז א מעכאניזם, וואס באשטייט פון פארשידענע טיילען אדער ארגאנען; יעדער טייל האט א געוויסע ארבעט, אדער פונקציע, ד. ה. עס טוט עפעס אויף. זאל אבער א געוויסער וויכטיגער טייל פון מעכאניזם אויפהערען צו טאן זיין ארבעט, וועט די גאנצע מאשין זיך אפשטעלען. דאס זעלבע איז מיט א וויכ־טיגען ארגאן פון קערפער, ווי ,צ. ב. ש. די לונגען, דאס הארץ, דער מאגען א. אז. וו., ווייל איין טייל אדער איין ארגאן איז פארבונדען מיט די איבעריגע ארגאנען. דאס מיינט, ווען א געוויסער ארגאן פון קערפער איז ניט פאלקאם, איז דער גאנצער קערפער קראנק, אדער ער פונקציאנירט ניט ווי עס דארף צו זיין.

דא וועלען מיר דערקלערען ווי אזוי די פארשידענע אר־גאנען זיינען פארבונדען און ווי אזוי א קראנקהייט קאן ווערען פארשפרייט איבער'ן גאנצען קערפער. צוליב דעם וועלען מיר דערקלערען די צירקולאציע פון דעם בלוט.

אלע טיילען און ארגאנען פון מענשליכען קערפער קרינען זייער נארונג פון דעם בלוט און זיינען פארבונדען פאר סענ־סאציע (פילען) דורך די פעדים, וואס מ'רופט נערוועו; דאס בלוט צירקולירט פון הארצען דורך גרויסע רערען („ארטעריען"), וואס פארצווייגען זיך אין אלץ קלענערע רערען צו די פארשי־דענע טיילען פון קערפער. אט די רערען פארצווייגען זיך נאך מער אין קליינינקע רערעלאך, „קאפילאריען", וואס געפינען זיך אין מיליאנען איבער'ן גאנצען קערפער, פון וואנען דאס בלוט קערט זיך אום צוריק צום הארצען, דורך די רערען, וואס מען רופט „וועגען". עס פארשטייט זיך, אז די זעלבע בלוטצעלען, וואס שטראמען פארביי א צאן, וועלען מיט איינינע שטונדען שפעטער פארביי שטראמען דורך אן אנדער טייל פון דעם קער־פער. נאך א שטענדיגע צירקולאציע איז פאראן אין מענשען פון א פליסיגקייט, וואס הייסט „לימף", וועלבע האט א שייכות צו דעם בלוט. אט די לימף ווערט פראדוצירט פון צענטערן, וואס ווערען גערופען „לימף גאטס", פון וואנען די לימף שטראמט און פארשפרייט זיך איבער'ן גאנצען קערפער.

ווען עס איז דא ערגעץ אין קערפער א פלאץ, וואס ווערט אטאקירט פון קראנקהייט־באצילען און זיי זיינען גענוג דא אין צאל, ווערט דאס פלאץ אנצונדען, און אפט מאל ווערט גע־שאפען א געשוויר פון „מאטעריע", וואס ווערט פיל מאל פאר־שפרייט איבער'ן גאנצען קערפער. זייער אפט טרעפט, אז די קראנקהייט שטעלט זיך אפ אין הארצען, שלעסער פון ביינער, אדער אנדערשוואו אין קערפער; דאס ווערט גערופען „פאקאל־אינפעקשאן". ווענען דעם זיינען אין די לעצטע יארען אנגע־שריבען געווארען צענדליגע ביכער, און אלע מעדיצינישע און דענטיסטישע זשורנאלען זיינען פארנומען מיט באשרייבונגען פון פארשידענע קראנקהייטען, וואס ווערען פאראורזאכט פון ציין און מויל קראנקהייטען.

אין א דענטאל זשורנאל פון מאנאט אפריל געפינט זיך א זייער אינטערעסאנטער ארטיקעל פון דר. קעיל, — א לעקטשורער, וואס ער האט געהאלטען פאר א צוזאמענפאר פון דענטיסטען אין ווערמאנט סטייט, — וואו ער ציינט אן נאך דער סטאטיס־טיק פון די פאראייניגטע שטאטען פון יאר 1918, גענומען פון דרייסיג סטייטס, אז עס זיינען געוועזען 276,447 טויטען־פאלען פון הארץ, נירען און אנדערע קראנקהייטען, וואס ווערען אמ־מערסטען פאראורזאכט פון שלעכטע ציין און יאסלעס קראנק־הייטען. טויטען־פאלען פון קאנסאמפשאן זיינען פאראן 122,040, דאס הייסט, אז צוויי מאל אזוי פיל מענשען שטארבען פון די אויבען־דערמאנטע קראנקהייטען, ווי פון קאנסאמפשאן, פון וועלכער קראנקהייט די וועלט רעדט און זוכט א רעטונג. אט די ציפערען איבערצייגען די ניט־אויפמערקזאמקייט, וואס ווערט געגעבען פון דער געזעלשאפט צו אזא וויכטיגער פראגע ווי „ציין און מויל היגיענע". ביסלעכווייז פאנגען אויך די גע־זעלשאפטליכע טוער און רעגירונגען אן איינצוזען די וויכטינקייט פון אויפצופאסען אויף די ציין, און אויך פיל אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האבען איינגעפירט א דענטאל דעפארטמענט, אויפצופאסען אויף דעם געזונד־צושטאנד פון זייערע אנגעשטעל־טע. איבערהויפט איז דער ארבעטער, וועמענס לעבענס־ווידער־שטאנד איז ניט נאר אם בעסטען, מער אונטערוואורפען צו די סכנות פון קראנקהייטען, און טאקע דערפאר איז וויכטיג אריינ־צוטראכטען זיך אין דער פראגע און אוועקגעבען אביסעל צייט, ווען נייטיג, אום צו פארמיידען קראנקהייטען, וואס ווערען פאר־אורזאכט פון מויל און ציין קראנקהיים.

---

# איינזאמקייט

פון מלך ראוויטש

און אז דער רעגן נעצט דורך די קליידער,
ווען כ'ניי אמאל ביינאכט אן פריינד אהיים,
און אז דער ווינט בלאזט אין פנים אריין,
גייט עס מיט קעלט דורך בלוט, מארך און ביין;
דאן בין איך מיט מיר, און אליין, אליין.

דאן בין איך מיט מיר און אליין, אליין;
דאן שניידט דער ווינט פון דער איינזאמקייט,
דאן קלער איך פון קברים און קלער פונ'ם טויט,
און כ'הער אן איינזאמע רינוע, וואס רינט — — —
און איינזאם שניידט אינ'ם פנים דער ווינט.

וואס בין דען אויך איך; — א רינוע פון בלוט,
איינזאם אין שארפען לעבענס-ווינט.
וואו וועל איך דען זיין, ווען צומארגענס וועט הויך
אויפגיין עפעס א טויזענטסטער טאג? —
אינ'ם זון-שיין,— זון-שיין און רויך,
און פון אלע גוטע פארגעסען אויך. — — —

# נאציאנאלע באָרד

1921



ל. בענענסאהן
אילינאיז



מ. רייס
קאנעקטיקוט



ד. שיינער
מינעסאטא



י. וויניצקי
אהיא



ס. שולמאן
פען



א. רובין
וויסקאנסין



א. פעלאוויטש
מערילאנד

B. Lipschutz
N.Y.

# ...אף דירעקטארס

1920


ס. לין
קוויבעק


ה. לין
נו-דשארזי


ל. בעצאהלער
נו-יארק


א. ריבינ
אנטאריא


ה. שערמאן
ראוד איילאנד


ב. דאקסער
מישיגען


ט. דייוויס
ווירדזשיניע

# די ווירטשאַפטליכע לאַגע אין סאָוועט רוסלאַנד

פון א. דאַצענט

שוין עטליכע חדשים, ווי אין סאָוועט רוסלאַנד איז דערקלערט געוואָרען אַ נייער ווירטשאַפטליכער קורס.

פון מאָמענט פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע איז די הויפּט־אויפגאַבע פון דער סאָוועטען־מאַכט געוועזען זיך צו פאַרטיידיגען פון פיינד, וועלכע האָבען זי אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען: דער טשעכאָסלאָוואַקישער אויפשטאַנד, קאָלטשאַק, דעניקין, וראַנגעל, פוילען — דאָס זיינען אַלץ עטאַפּען, וועלכע האָבען געפאָדערט דאָס אָנשטרענגען פון אַלע קרעפטען פון לאַנד, אום דורכצופירען ערפאָלגרייך די פאַרטיידיגונג פון נייעם רעזשים.

אונז אַלעמען איז היינט גוט באַקאַנט וואָס עס הייסט קריגס־ווירטשאַפט; אין אַלע גרויסע לענדער, פון דייטשלאַנד אָנגעהויבען, ביז די פאַראייניגטע שטאַטען איינגעשלאָסען, האָט זיך אויסגעאַרבעט אין דער צייט פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה אַ צענטראַליזירטע ווירטשאַפט, וועמעס פאָדימס האָבען זיך געפונען אין די הענט פון דער מלוכה; די פּראָדוקציע און פאַנאַנדערטיילונג פון די הויפּט־פּראָדוקטען איז פאָרגעקומען אונטער מלוכה־קאָנטראָל; די איינצעלנע טראַסט־געזעלשאַפטען זיינען געוואָרען ספּעציעלע מלוכה־ליפעראַנטען. די מיליטערישע אויפגאַבע צו זיגען דיקטירט אַ צענטראַליזירונג ניט נאָר פון מענשליכען מאַטעריאַל אין די הענט פון גענעראַל־שטאַב, נאָר אויך די צענטראַליזירונג פון אַלע ווירטשאַפטליכע רעסורסען אין די הענט פון דעם מלוכה־אַפּאַראַט.

נאָך מער קאָמפּליצירט איז געשטאַנען די פראַגע אין רוסלאַנד.

אין יעדען קאַפּיטאַליסטישען לאַנד האָבען די איינצעלנע אונטערנעמער, אַזוי אויך ווי די גרויסע פאַראייניגונגען פון אייגענטימער, געשטיצט זייער גערן די רעגירונגען אין זייערע מלחמה־פירונגען; זיי זיינען געוועזען די הויפּט־פּאַטריאָטען, ווייל די אומגעהייערע פּראָפיטען זייען געגאַנגען אין זייערע קעשענעס, נים גערעדט שוין דערפון, אַז די הויפּט־צילען פון דער גרויסער אימפּעריאַליסטישער מלחמה זיינען געלעגען אין פאַרניכטונג פון'ם שונא אַלס ווירטשאַפטליכע קאָנקורענץ און אין אַנטוויקלונג דורך דעם די אייגענע אימפּעריאַליסטישע קרעפטען. די מלחמות, וועלכע סאָוועט רוסלאַנד האָט געפירט מיט אירע פיינד, האָבען דאָך געדאַרפט פירען צו דער פאַרשטאַרקונג פון דעם נייעם רעזשים, צו וועלכען אַלע אייגענטימער זיינען געוועזען אין גרונד פיינדליך. דאַרום איז געוועזען צו באַמערקען פאָלגענדע טענדענץ: וואָס שווערער און פאַרצווייפעלטער עס איז געוואָרען די לאַגע פון דער סאָוועט רעגירונג, אַלץ גרעסער זיינען געוועזען אירע ווירטשאַפטליכע נאַציאָנאַליזירונג־טענדענצען; נאַטירליך איז אין דעם געוועזען אַ ווידערשפּרוך: אַלע קרעפטען זיינען אַוועקגעגעבען געוואָרען פאַר מיליטערישער פאַרטיידיגונג, די אומגעהייער גרויסע קעפּלאַך אין די אָפיציעלע צייטונגען, ווי „פּראַוודאַ“ און „איזוועסטיאַ“, שרייען, אַז דאָס פאָטערלאַנד און אַלע באַזיגונגען פון דער רעוואָלוציע זיינען אין געפאַר, אַלע פאַראַנטוואָרטליכע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פון די אָנפירענדע פאַבריק־קאָמיטעטען זייען אויפ'ן פראָנט — און אין דער זעלבער צייט נעמט די מלוכה אויף אירע פּלייצעס אַ גאַנצע מענגע קליינינקע פאַבריקען און ווערקשטאַטען, נאַציאָנאַליזירענדיג זיי.

עס איז געוועזען משונה'דיג, אָבער קיין אַנדער אויסוועג איז נים געוועזען פאַר די פירער פון דער סאָוועט רעגירונג, ווייל זיי האָבען געהאַט צו קעמפען אויף צוויי פראָנטען, אויפ'ן אויסערן און אויפ'ן אינערן — מיט די אייגענטימער אין רוסלאַנד גופא. כדי צו זיגען האָט מען געדאַרפט אָפּשוואַכען דעם אינערן פיינד, אַוועקנעמענדיג ביי אים זיין אייגענטום, ניט געאַכט דערויף, אַז די מלוכה וועט דערווייל ניט קענען אויסנוצען זי אין פולער מאָס.

ביסלעכווייז האָט זיך די קריגס־סיטואַציע געענדערט; ביסלעכווייז איז געשלאָסען געוואָרען שלום צווישען רוסלאַנד און אירע געוועזענע פיינד; אָפּט אַ שלעכטער שלום, אָבער דאָך אַ שלום. די ווייסע קאָנטר־רעוואָלוציע איז אינגאַנצען אין אַזוי קרעפטיג פאַרניכטעט געוואָרען, אַז די אויסערע שונאים פון סאָוועט רוסלאַנד, ווי פראַנקרייך און אַנדערע, האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון מלחמה־אינטערווענציעס אויף אַ לאַנגער צייט.

עס איז געקומען דער מאָמענט פון רעקאָנסטרוקציע; אָבער די לאַגע פון לאַנד איז אומגעהייער שרעקליך. ווי באַקאַנט, איז רוסלאַנדס הויפּט־באַשעפטיגונג לאַנדווירטשאַפט, און זי איז אינגאַנצען רואינירט געוואָרען. אויסער דער מלחמה האָבען דערויף געווירקט די שרעקליכע טריקענישען פון 1920 און פון 1921, וועלכע האָבען געפירט דערצו, אַז אין אַ גרויסען טייל פון רוסלאַנד, אין דעם פרוכטבאַרסטען טייל, איז די ערנטע שרעקליך קליין און אין פיל שטעלען איז די ערנטע אינגאַנצען פאַרברענט געוואָרען דורך דער זון. אויסער דער נאַטירליכער דערשיינונג, געגען וועלכער די מענשליכע קראַפט איז אינגאַנצען הילפלאָז, האָט געווירקט אויף דער צעשטערונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אויך דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר, דער געגענזאַץ צווישען שטאָט און דאָרף.

אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, וואו די מלחמה האָט געצוואונגען די רעגירונגען זיך אַריינצומישען אין די לאַנדווירטשאַפטליכע באַציאונגען און איינפירען מאָנאָפּאָל אויף ברויט, כדי צו פיטערן דאָס מיליטער און ד שטאָטישע אַרבעטער־באַפעלקערונג, האָט דער פויער און דער לאַנדווירט זיך געשטעלט געגען דעם. די רעגירונג האָט פאַר דער רעקווירירטער תבואה געצאָלט נאָך פעסטע פרייזען, אין דערזעלבער צייט, וואָס די פרייזען אויף די שטאָטישע אינדוסטריע־פּראָדוקטען זיינען געוואַקסען מיט יעדען טאָג אַלץ העכער און העכער. די פויערים האָבען פאַרבאָרגען זייערע זאַפּאַסען קאָרן און אויסערדעם האָבען זיי פאַרקלענערט די ערד־באַאַרבעטונג. דיזעלביגע טענדענץ אין אַ גרעסערער מאָס זעען מיר אין רוסלאַנד. אין ספּעקטאַטאָרס בוך „סאָוועט רוסלאַנד און צאָלען“ זעען מיר, ווי אַלמיילעך האָט זיך פאַרקלענערט די ערד־פלאַכע, וועלכע איז באַאַרבעט געוואָרען. ביז 1919 האָט זיך די לאַנדווירטשאַפט פאַרהעלטניסמעסיג גוט דערהאַלטען. אין 1920 האָט זיך די תבואה־פלאַכע פאַרקלענערט אויף 18 און אַ האַלב פּראָצענט, ווי פאַר דעם קריג, די קאַרטאָפעל־פלאַכע אויף 27 פּראָצענט, די גראָז־פלאַכע אויף 52 פּראָצענט, די פלאַכע פון האַנדעלס־פלאַנצען אויף 37 פּראָצענט, אין דורכשניט אויף 20 פּראָצענט. נאָך שטאַרקער איז צוריקגעגאַנגען די ערנטע־הכנסה: ווינטער־קאָרן כמעט די העלפט (31 פוד פון יעדען דעסיאַטין ווייניגער), האָבער אַ פערטעל ווייניגער, גערשטען אַ דריטעל ווייניגער. דער רוסישער סטאַטיסטיקער סטרומילין ווייזט אין „עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ זשיזן“ פון 31־טען מערץ 1921, אַז די ריינע הכנסה פון ברויט־תבואה איז געוועזען אין 1913 — 3000 מיליאָן פוד, און אין 1920 נאָר 1800 מיליאָן פוד; דאָס הייסט מיט 1200 מיליאָן פוד; פון זיי רעכענט ער 780 מיליאָן פוד אויפ'ן רעכענונג פון פאַרקלענערטער ערד־באַאַרבעטער פלאַכע און 420 מיליאָן אויף קאָנטאָ פון געזונקענעם איינקומען.

די לאַגע אין 1921 איז נאָך אומגעהייער ערגער: די פרוכבאַרסטע געגענד פון רוסלאַנד: די גובערניעס אַסטראַכאַן, צאַריצין, סאַראַטאָוו, סאַמאַרא, סימבירסק, אופאַ, די דייטשע וואָלגאַ קאָמונע, די טאַטאַרען־רעפּובליק, דאָס טשואוואַש געביט, און די זידליכע קרייזען פון וויאַטקער גובערניע, אַ שטח מיט 20 מיליאָן מענשען, איז אינגאַנצען אויסגעברענט דורך דער טריקעניש פון דעם יאָר.

טראַגיש איז אויך די לאַגע פון דער רוסישער אינדוסטריע. דאָס פעלען פון דערנערונגס־פּראָדוקטען האָט זיך אָנגערופען אויף דער לאַגע פון אינדוסטריע; אויסערדעם איז צו באַמערקען אַז פון 1914־טען יאָר, פון אָנהייב מלחמה, זיינען דער פאַבריק־אינווענטאַר, מאַשינען א. אַז. וו. ניט פאַרריכט געוואָרען. אַלץ איז אַלט און אויסגענוצט און דעריבער קאָן די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט ניט זיין הויך. די אַרבעטער זיינען אונטערדערנערט און אויסערדעם זיינען אין די הויפּט־באַטריבען פון קוילען און נאַפט ניט פאַראַן גענוג אַרבעטער. דער רוסישער

ארבעטער איז פון אלעמאל פארבונדען מיט דעם דארף; און אויב עס איז פריער געווען א צוג פון דארף אין שטאט, איז יעצט, פארקערט, א קאלאסאלע שטרעבונג צוריק אין דארף, וואו מען קאן זיין זאט . . . לויט רייקאווס, דעם פארזיצענדען פון העכסטען ווירטשאפטס־ראט, רעדע, דעם 18־טען מאי 1921, אויף דעם צוזאמענפאר פון ווירטשאפטס־ראטען, איז די פראדוקציע אין דאנעצער באסיין שרעקליך געפאלען; זי דערגרייכט צו 2 פראצענט פון דער פריערדיגער פראדוקציע. דאסזעלבע איז מיט דעם באקוער פעטראלעאום, וואו עס איז אויסערדעם דא א געפאר, אז די נאפטא־קוואלען וועלען פארטרונקען ווערען פון וואסער, ווייל עס ווערט ניט געארבעט.

דער נייער קורס, דער רעפאראציאנס־קורס, דאס איז אייגענטליך זיין ריכטיגער נאמען, ווערט אונטערנומען ניט אויף א מאמענט; ער האט צו באדייטען ניט אן אטעם־פויזע, נאר א גאנצע היסטארישע פעריאדע, ביז וואנען דאס רואינירטע לאנד וועט אויפגעבויט ווערען און אויפגעשטעלט ווערען אויף אזא פראדוקציאנס־שטופע, אז עס וועט מעגליך זיין דער נאטירליכער איבערגאנג אין פולער מאס פון פריוואטען קאפיטאליסטישען אייגענטום צום סאציאליזם.

אויפ'ן ערשטען פלאן ווערט אוועקגעשטעלט דאס פויערטום. ביז יעצט איז דער פרייער האנדעל מיט לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען געווען פארבאטען. דעם פויער פלעגט איבערגעלאזען ווערען אזוי פיל פראדוקטען, וויפיל ער האט נייטיג געהאט כדי זיך צו שפייזען ביז דער נעקסטער ערנטע און צו פארזייען זיינע פעלדער. יעצט ווערט די צוואנגס־ווירטשאפט און רעגירונגס־מאנאפאל אינגאנצען אויפגעהויבען. אויפ'ן פויער ווערט ארויפגעלייגט א נאטוראל־שטייער — און דאס איבעריגע איז זיין פריוואט־אייגענטום, מיט וועלכע ער קאן גאנץ פריי פארוואלטען נאך זיין אייגענעם ווילען.

דער נאטוראל־שטייער בילדעט פאר דער מלוכה א פאנד, וועלכער גייט, ערשטענס, פאר דער ארמיי און דער שטאטישער ארבעטערשאפט, און צווייטענס, אין אויסלאנד פאר סחורה־אויסטויש.

דער פרייער האנדעל צווישען דארף און שטאט ווערט ווידער אויפגעשטעלט.

אין שטאט ווערט צוריק אויפגעשטעלט די קליינע און מיטעלע אינדוסטריע־ווירטשאפט דורכדעם, וואס די ווערקשטאטען און קליינע פאבריקלאך קענען אפגעגעבען ווערען אין ארענדע צו קאאפעראטיווען, ארטעלען און זאגאר פריוואט־פערזאנען. די געפאר, וועלכע איז פריער באשטאנען פאר'ן נייעם רעזשים מצד די אייגענטימער, איז היינט־צו־טאג נישטא. די פאליטישע מאכט פון די מיליטער־שיכטען איז אונטערגעגראבען. אויסערדעם קאן די רעגירונג אליין ניט אויפלעבען אלע קליינינקע אונטערנעמונגען — דאס וואלט פון איר געפאדערט אזא אומגעהייער גרויסע אנשטרענגונג פון אלע אירע קרעפטען, אז זי וואלט געמוזט פארנאכלעסיגען אנדערע וויכטיגערע ווירטשאפטליכע אויפגאבען. אין דערזעלבער צייט איז די קליינע און מיטעלערע אינדוסטריע זייער וויכטיג ביי דער איצטיגער לאגע אין רוסלאנד, וואו די גרויס־אינדוסטריע איז אינגאנצען רואינירט און וואו דער סחורה־אויסטויש צווישען שטאט און דארף איז אזוי וויכטיג; פריוואט־איניציאטיוו און פריוואט־ענערגיע וועלען אמבעסטען פירען צו דעם ציל, אונטער דער רעגירונגס־קאנטראל, כדי צו גאראנטירען די אינטערעסען פון דער ארבעטער־מאסע.

די גרויס־אינדוסטריע, די אייזען־ און קוילען־גראבען, דער טראנספארט, בלייבט אין די הענט פון דער ארבעטער־רעגירונג און דינט אלס עקאנאמישער באזיס פאר איר פאליטישער מאכט.

נאר מיט אירע אייגענע קרעפטען קאן רוסלאנד ניט אויפגעבויט ווערען. ווי מיר האבען שוין אויבען אנגעוויזען, איז דער מאשינען־אפאראט אינגאנצען רואינירט; עס פעלען נייטיגע מאשינען און מאשין־טיילען, טרייב־רימענס א. אז. וו., אויסערדעם נייטיגט זיך רוסלאנד, אין ערשטער ריי, אין לאקאמאטיווען און וואגאנען.

דאס אלץ קאן רוסלאנד נאר קריגען פון אויסלאנד, הויפטזעכליך פון ענגלאנד און אמעריקע.

לויט דער פאליטישער לאגע אין מערב־אייראפע און אמעריקע קאן רוסלאנד ניט רעכענען אויף דער סימפאטיע צו זיך פון די בורזשואזע רעגירונגען; עס איז איבעריג אונטערצושטרייכען, אז אין דער־הינזיכט ווערען די רעגירונגען געשטיצט פון די קאפיטאליסטישע געזעלשאפטליכע שיכטען. ווי א דארן אין אויג איז סאוועט רוסלאנד פאר דער גאנצער בורזשואזער וועלט. די לעצטע איז גרייט צו קומען רוסלאנד צו הילף, נאר אין דעם פאל, אויב זי וועט קענען ציען קאלאסאלע פראפיטען פון האנדעל מיט איר.

רוסלאנד איז גרייט אויף אלעם, כדי נאר צוריק אויפגעבויט צו ווערען; דאס אויסלענדישע טויטע אינווענטאר אויפגעלעבט פון דער אפערוויליגקייט און איבערגעבענהייט פון די רוסישע פאלקס־מאסען קאן שאפען וואונדער. אבער דורך וואס פאר א פרייז קאן רוסלאנד קריגען אלעס נייטיגע פון אויסלאנד? מען האט פיל גערעדט פון רוסלאנדס גאלד־פאראט. דער באוואוסטער עקאנאמיסט ספעקטאטאר באמערקט גאנץ ריכטיג, „אז עס איז טעארעטיש גאנץ קלאר, אז רוסלאנד קאן ניט אריינפירען אלץ וואס זי האט נייטיג, פאר באר גאלד, אפילו ווען דער גאלד־פאראט וואלט געווען באדייטענד גרעסער. רוסלאנד האט שוין פאר דעם קריג געהאט א איינפיר פון אנדערהאלבען מיליארד רובעל (ארום 800 מיליאן דאלער) און מוז צו היינטיגען טאג קויפען סחורה פאר מערערע מיליארדען גאלד־רובעל.“ קרעדיט וועט די בורזשואזע וועלט רוסלאנד ניט געבען. בלייבט איבעריג איינס — קאנצעסיעס. דאס פראבלעם פון קאנצעסיעס באדייט די ערטיילונג פון אויסנוצונגס־רעכט פון געוויסע נאטור־אוצרות אדער אונטערנעמונגען צו אויסלענדישע קאפיטאליסטען אויף א לענגערער אדער קירצערער צייט פאר א געוויסער נאטור־באלוינונג. נאך א געוויסען טערמין גייען אלע טעכנישע איינריכטונגען איבער אין רשות פון דער מלוכה.

ווי עס איז אלעמען באקאנט, באזיצט רוסלאנד קאלאסאלע נאטירליכע רייכטימער. פאסענד פאר קאנצעסיעס, ווייל זיי קענען ניט אויסגענוצט ווערען ביי דעם יעצטיגען שטאנד פון דער רוסישער טעכניק, זיינען פאלגענדע אביעקטען: די וואלד־קאנצעסיעס אין וועסט־סיביר און אין נארדליכען טייל פון אייראפעאישען רוסלאנד, די גרובען־קאנצעסיעס אין סיביר און די לאנד־ווירטשאפטליכע קאנצעסיעס אין זיד־אסטען פון אייראפעאישען רוסלאנד; אויסערדעם קענען נאך אפגעגעבען ווערען אלס קאנצעסיעס די גרובען פון דאנעץ־באסיין און די קאווקאזער אויל־קוואלען.

נאך אין יאר 1918 האט זיך לענין ארויסגעזאגט פאר דער נויטווענדיגקייט פון קאנצעסיעס. ער שטרייכט אונטער, אז זיי זיינען דאס איינציגע מיטעל צו הייבען רוסלאנדס פראדוקציע. „מיט מאס און פארזיכטיג דורכגעפירטע קאנצעסיעס־פאליטיק וועט אונז אן צווייפעל העלפען צו פארבעסערען ביז א געוויסער מאס די לאגע פון ארבעטער און פויערים, צו הייבען די פראדוקציע; נאטירליך, דאס וועט אונז קאסטען . . . מיר וועלען מוזען אפגעבען טויזענטער און מיליאנען פוד פון טייערע און נייטיקע פראדוקטען צו אויסלענדישע קאפיטאליסטען... אבער קיין אנדער אויסוועג איז נישטא . . .“

היינט שטייט די קאנצעסיעס־פראגע אלס א קאנקרעטע מאמענט־פראגע, די סאוועט רעגירונג פירט אינטערהאנדלונגען מיט גרויס־קאפיטאליסטען פון ענגלאנד און אמעריקע כדי די אויסנוצונג פון דער נאטור־רייכקייט פון רוסלאנד זאל זיך וואס גיכער אנהייבען.

דאס אייזען, קוילען און אנדערע פראדוקטען, וועלכע עס וועלען אריינקומען פון די קאנצעסיאנערען, וועלען גיין פאר דער נויטווענדיגער אינלענדישער פראדוקציע.

פאר רוסלאנד שטייט די פראגע פון עלעקטריפיקאציע, דאס הייסט באדעקען גאנץ רוסלאנד, אלע אירע פארווארפענע ווינקלען, אלע אירע ווייטע דערפער, מיט א נעץ פון עלעקטרישער קראפט, וועלכע וועט אויסגענוצט ווערען אין אלע טעכנישע הינזיכטען: באטרייב, קראפט, באלייכטונג און הייצונג.

די מעגליכקייט פון עלעקטריפיקאציע ליגט נאר דורך קאנצעסיעס.

נאטירליך, מען מוז קלאר אנגעבען, אז די קאנצעסיעס זיינען אן אפער, א גרויסער אפער, וועלכען רוסלאנד מוז צאלען דעם אויסלענדישען קאפיטאל. אבער אויף וויפיל דאס ברענגט צו פארשטארקונג פון פראדוקציע, צו אנטוויקלונג דורך עלעקטריפיקאציע די פראדוקטיווע קרעפטען פון לאנד, אויף אזוי פיל זיינען זיי נוצליך און נויטווענדיג. אין אזא פארם איז דאס ניט א קאנצעסיע צום אויסלענדישען קאפיטאל, נאר א נייער שריט פארווערטס אויף דעם וועג פון באפרייאונגס־קאמף פון פראלעטאריאט.

# די גאנאריי

(פון דער ארטיקעל־סעריע איבער געשלעכטס־קראנקהייטען) פון דר. יוסף טענענבוים

עס זיינען פאראן א סך מכות, וואס פארשעמען אפילו דעם ערפינדונגס־גייסט פונ'ם אידישען גאט בעת ער האט זיך גענומען פייניגען פרעה'ן אין מצרים; מכות, וואס מוטשען דאס מענשליכע געשלעכט צום פארצווייפלונג. אבער מיר דאכט זיך, אז אפילו צווישען זיי פארנעמט דער טריפער א גאנץ בכבוד'יגען פלאץ און איז ניש־קשה'דיג א פלאג פאר די מענשען, וואס האבען געהאט די זכיה זיך מיט אים נענטער צו באקענען.

דער „טריפער", אדער די „גאנאריי", איז אלט ווי תרח, און אפשר נאך עלטער, און איז אזוי פארברייטערט, אז אין אלטען אייראפע באטראכט מען ערשט דעם יונגען מאן פאר א בחור, וואס האט כאטש איינמאל אין לעבען דורכגעמאכט אט די קראנקהייט, צווישען סטודענטען געברויכט עס זיך צום גוטען טאן צו האבען א טריפער, און איך געדענק די גדולה פון אן אומשולדיגען 16־יעריגען סטודענטעל, ווען ער האט באמערקט דעם ערשטען אויספלוס. דאס נאאיווע בחור'ל האט בתמים געגלויבט, אז א טריפער איז א צייכען פון מאנסבילקייט. נאטירליך האט די גדולה געדויערט זייער קורץ, וויל ווי צו להכעיס איז גראד ביי אים אויפגעטרעטען א קאמפליקאציע, איבער וועלכער מיר וועלען שפעטער רעדען, וואס האט אים געמאכט א קאליקע אויפ'ן גאנצען לעבען און א סטערולען עקר אויף אייביג.

דערצו א פאר סטאטיסטישע דאטען.

אין א סטאטיסטיק איבער ווענערישע קראנקהייטען אין ניו־יארק האט זיך ארויסגעוויזען, אז ארום 90 פראצענט פון אלע ווענערישע קראנקע זיינען געווען קראנק אויף גאנאריי. מער ווי די העלפט פון אלע דערוואקסענע אין די פאראייניגטע שטאטען האבען אמאל דורכגעמאכט א טריפער. 60 פראצענט פון די קראנקע האבען צו פארצייכענען דעם טערמין פון זייער אנשטעקונג פאר דעם 25־טען יאר פון זייער לעבען. פרויען זיינען 16 מאל ריינער פון אנשטעקונג איידער מענער און ווערען מייסטענס אנגעשטעקט פון אייגענע מענער. דערצו קומט נאך א גאנצע ארמיי פון קינדער, וואס ווערען א דאנק דער אנשטעקונג בלינד ביים געבורט, אדער באקומען א טריפער פון די געשלעכטס־ארגאנען אלס געבורטס־געשאנק פון זייערע עלטערן.

פארשטייט זיך, אז די סטאטיסטיק האט נאר א רעלאטיווען ווערט, מחמת דער שווערוגקייט ווי אזוי אויסצוגעפינען ווער ס'איז באמת קראנק און ווער עס פארלייקענט זיין קראנקהייט איבער פארשידענע סבות.

יעדענפאלס איז עס קיין ספק ניט, אז די גאנאריי איז די מיינסט־פארברייטערטע קראנקהייט פון אלע אנדערע פרעניות'ן, וואס קענען טרעפען א מענשען — א מין אומשטאנד, וואס מאכט די באדייטונג פון דער קראנקהייט א וויכטיגע סאציאלע פראגע.

א לאנגע צייט האט מען ניט געוואוסט וואס ס'איז אייגענט־

נפתלי:

# אין טומעלדיגע טעג

(פעליעטאן)

האבען מיר שוין ברוך השם ביי אונז א נייע באוועגונג, א נייע פראגע, א נייע אישו. און הלואי זאל איך בעסער ליגען זאגען, ס'וועט דערפון געבארען ווערען א נייער טומעל...

הבנים, אז ס'איז שוין אזוי נגזר געווארען מן השמים, אז ביי אונז זאל די שטילקייט ניט לאנג אנהאלטען...

שיינע עטלאבע יאהר האט ביי אונז געדויערט ביז מיר האבען די גרויסע מלחמה פון „יונגע און אלטע" אויסגעפאכטען... א היבש ביסעל קרבנות זיינען אין דעם קאמף פון „גדולי־הדור־סעקרעטערע" געפאלען... און כמעט א האלבע ארמיי איז אין דעם היסטארישען בירגער־קריעג פון „וויסענשאפטליכע צאהלונגען" צעראניעט און פארוואונדעט געווארען און מיט שווערע פארלוסטען זיך צוריקגעצויגען...

דערנאך האט מען די כלי־זיין אוועקגעלייגט און מ'האט „וואפענשטילשטאנד" דערקלערט.

אמת, ערגיץ־וואו אין א לאגער האט נאך ווי עס איז א קליין מלחמה־פייערעל געטליעט, א פייערעל וואס האט דוקא געוואלט זיך צעברענען, כדי צו קענען באלייכטען די פראגע אויב ברוקלין איז א באזונדערע טעריטאריע... דא אדער דארט האט נאך ווען עס איז א שטיקעל פולווער אויסגעשאסען און אין סאניטאריום געטראפען...

מיט אמאל איז אין גאנצען שטיל געווארען. „יונגע" מיט „אלטע", אויב זיי באגעגענען זיך אין גאס, זאגט מען זיך שוין „גוט מארגען"... שוין באלד זעקס יאר און ביי אונז „האלט זיך נאך דער זעלבער סעקרעטער... „וויסענשאפטליכע צאלער" און „אנטי־וויסענשאפטליכע", אויב זיי זיינען נאר אין איין עלטער צאלען זיי די זעלבע וויסענשאפטליכע מטבע... ברוקלין איז פאר א בעזונדערע שטאט אנערקענט געווארען און האט שוין אן אייגענע טעריטאריע, מיט אייגענע צרות... דער סאניטאריום האט זיך שוין מיט גענוג פולווער אנגעשמעקט און האט פאר קיין שיסערייען מער קיין מורא ניט...

טא וואס זשע נאך פעלט אונז?

א יא ניט מער ווי נור אביסעלע טומעל!

אדרבה, זאגט אליין, וואו איז דאס געהערט געווארען, אז אין אזא גרויסע ארגאניזאציע זאל מיט אמאל אין גאנצען שטיל ווערען? שטיל איז אויף א בית־עולם; אז ס'איז שטיל איז א סימן, אז די ארגאניזאציע איז טויט, און אז זי איז טויט דארף מען דאך איר מחיה זיין...

און ס'האבען זיך שוין געפונען גוטע מענשען, וואס האבען

אויף זיי גענומען די הייליגע אויפגאבע אריינצוברענגען לעבען אין אונזערע טויטע גופים און „אריינבלאזען א נייע נשמה" אין אונזערע פארטריקענטע ביינער...

נו, בלאזט מען עס יעצט, אז געהט אזש א רויך.

מ'לאזט ארויס אויפרופען, מ'שרייבט בריוולאך, מ'שיקט ארויס צושריפטען, מ'האלט קאנפערענצען, מ'נעמט אן רעזולוציעס, און ס'האלט שוין אזוי וויט, אז מ'ערוויילט 15ער קאמיטעס...

אלע סימנים פון די „אלטע גוטע צייטען"...

מיינט איהר דאך אודאי, אז דא האנדעלט זיך וועגען אזעלכע „פליין וואכעדיג־גשמיות'דיגע פראגען" ווי אמאל?

חלילה וחס! דאס שמעקט מיט סאמע קדשי קדשים, ס'איז דורכגעדרונגען מיט לויטער רוחניות...

די גייסטיגע נשמה פון א. ר. איז אין געפאהר, מ'מוז איר ראטעווען, מאכער חלילה ניט, וועט נאך דער א. ר. ארויס פון דרך הישר, ער וועט פארלירען זיינע „פרינציפיעלע יסודות", זיינע „דעמאקראטישע איינריכטונגען", זיינע „טראדיציאנעלע איינפירונגען" און זיין „אמאליגע פיזיאנאמיע"...

איר האט שוין געדארפט זען ווי מ'ראטעוועט עס די ארימע נשמה. גאנצע טייכען מיט פראטעסט־יללות גיסען זיך אויף די קעפ פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע דערפאר, וואס זי האט געלאזט דעם אינשורענס קאמישאנער פון מאכאטשוזעטס פאר א טאפ ליגזען די בכורה אויסנארען...

גאנצע בערג מיט קללות ותרמות פאלען אויף די קעפ פון דער נאצ. בארד אף דירעקטארס פאר וואס זיי האבען געמאכט יד אחת מיט דער עקזעקוטיוו קאמיטע און בשותפות „פארשאכערט" אונזערע פרינציפען, געמאכט א תל פון אונזער קאנסטיטושאן־ביכעלע און מבטל געווען דעם סאמע עיקר — אונזערע רעפערענדומס...

און פון איין עק לאנד ביז אין אנדערען, פון בראנזוויל אזש ביז לאס־אנדזשעלעס, טראגען זיך די קולות:

געוואלד, אונזערע פרינציפען! גיט אונז צוריק אונזער רעפערענדום!

דאס אינטערעסאנטסטע, אדער — אויב איר ווילט — דאס קאמישסטע דערביי איז, וואס אט די אלע קולות און געשרייען וועגען דעם פארגוואלטיגען דאס רעכט פון רעפערענדום האבען זיך גענומען הערען דוקא נאך דעם ווי די „שווארץ־טומאה'דיגע" באסטאנער קאנווענשאן האט איבערגעגעבען צום „פאלק" עטליכע רעפערענדום־פונקטען, איבער וועלכע מ'האט גאר לגמרי ניט געדארפט שטימען.

און כאטש די פונקטען זיינען געווען אזעלכע אומשולדיגע אז; אמת כשר'ע אפילו פון דעם ריין „פרינציפיעלען, דעמאקראטיש־פראלעטארישען שטאנדפונקט". זיי האבען בלויז געבעטען מען זאל געבען דעם ארגאניזאציאנס, עדיוקיישאנאל און אדמיניסטראציאנס פאנד נאך עטליכע סענט פאר דער סאמער נייטיגער חיונה... פונדעסטוועגען האט דאס פאלק, דאס פרינציפיעלע פאלק, וואס קאן ניט לעבען אז

ליד די אורזאך פונ'ם טריפער, ביז עס איז געלונגען נייסערן צו אנטדעקען א ספעציעלען מיקראָאָרגאַניזם, וועלכען ער האָט א נאָמען געגעבען: „גאָנאָקאָקוס".

דער גאָנאָקאָקוס קומט פאָר אין קליינע אָדער גרעסערע קופּקעלאך געוויינליך צו צוויי אין געשטאַלט פון צוויי קאַווע־בוינעסלאך, וועלכע פּילען אויס דעם לייב פון אן אייטער־צעלע. די צעלע פרעסט זיך אָן מיט גאָנאָקאָקען און ווערט צעפּיקעט פון דעם ביסען, און די גאָנאָקאָקען לעבען זיך ווייטער בשלמה ובמנוחה. מען געפינט אלזאָ אויסערע און אינערע גאָנאָקאָקען אונטער'ן מיקראָסקאָפּ, אָבער טאַקע נאָר די אינערליכע טאָפּעלטע קאָקען, די אזוי־אָנגערופענע „דופּלאָקאָקען", זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאָנאָרייע.

ווי אזוי ווירקט דער „גאָנאָקאָקוס"?

דער גאָנאָקאָקוס איז א גרויסער פיינשמעקער און א גרויסער יחסן דערצו. ער באַזעצט זיך ניט איבעראַל און חבר'ט זיך ניט גערן מיט אַנדערע מיקראָאָרגאַניזמען. עס זיינען דאָ מיינסטענס ספּעציעלע טיילען פונ'ם מענשליכען גוף, וואו דער אריסטאָקראַטישער מחבל שלאָגט אויף זיינע געצעלטען, און דאָס איז די יורעטראַ (די פּייפּ), די געשלעכטס־דריזען און די בונד־הויט פון די אויגען. דער הויפּטזעכליכער איינטריטס־טויער פונ'ם גאָנאָקאָקוס איז אָבער די יורעטראַ. ארום 3 טעג ביז 7 טעג, אויסנאַמסווייז מער, נאָך דער אָנשטעקונג קומט עס צו אַנטצינדליכע ערשיינונגען אין דער פּייפּ. די יורעטראַ איז ליכט געשוואָלען, רויט, ברענט ביים יורינירען און אין דער עפענונג ווייזט זיך דער ערשטער טראָפּען אייטער.

קומט אזא קראַנקער גלייך אין אָנהייב אין באַהאַנדלונג, איז דאָ א מעגליכקייט די קראַנקהייט צו דערשטיקען איידער זי אַנטוויקעלט זיך, דורך א געוויסען מעטאָד, וועלכען מען רופט אָן מיט דעם נאָמען „אַבאָרטיוו טריטמענט".

פאַרנאַכלעסיגט דער קראַנקער די גינסטיגע מינוט, גייט די קראַנקהייט ווייטער. דער אייטער איז שטאַרקער. די גאָנאָקאָקען קריכען טיפער און באַזעצען זיך ספּעציעל אין די פיל דריזען פון דער פּייפּ, פון וואַנען עס איז זיי זייער שווער ארויסצוטרייבען. די בעסטע צייט פאַר „אַבאָרטיוו טריטמענט" איז דעמאָלט, ווען די „דופּלאָקאָקען" האָבען זיך נאָך ניט באַזעצט אין די אייטער־צעלען, נאָר וואַלגערן זיך נאָך אויסערהאַלב פון זיי, ווי נע־ונד'ניקעס, וועלכע האָבען נאָך ניט געפונען קיין מקום מנוחה.

די פראַגע ווי אזוי זיך צו פאַרהאַלטען אין אָט דעם סטודיום הענגט אָפּ פון א סך זאַכען.

ראשית, מוז מען זיך פאָרשטעלען די פּייפּ אין איר גאַנצען אַנאַטאָמישען אויפבוי, כדי צו פאַרשטיין דעם פּראָצעס וואָס שפּילט זיך דאָ אָפּ.

די יורעטאַ באַשטייט נעמליך פון צוויי הויפּט־טיילען אָפּגעשידען איינער פונ'ם אַנדערען דורך א וויכטיגען מוסקול, וועלכען מען רופט מיט דעם נאָמען „ספּונקטער", וואָס מיינט דער שלאָס פון דער יורעטאַ. אָט דער שלאָס עפענט זיך ביים לאָזען די יורין און איז געשלאָסען בשעת מען האַלט איין די יורין. אָט דער וויכטיגער מוסקולאַרנער שלאָס טיילט די יורעטאַ אין דעם גרעסערען פאָדערען און דעם פיל קלענערען הינטערען טייל.

אזוי לאַנג ווי די גאָנאָקאָקען בלייבען אין פאָדערען טייל, איז די זאַך איינפאַך. עס פעלען גרעסערע קאָמפּליקאַציעס און אונזער גאַנצע באַהאַנדלונג באַשטייט אין איינשפּריצען פון לייכטע זילווער־מיטלען אָדער אַנדערע ענליכע, וואָס העלפען שעדיגען די גאָנאָקאָקען. א סך העלפט מיט די נאַטור, וועלכע פאַרענדערט די שליימהויט אין אַזעלכע וואָס די גאָנאָקאָקען האָבען זי פיינט און ווערען פאַרניכטעט. און אפילו דאָס גע־

„דעמאָקראַטישע איינריכטונגען", געזאָגט „לא" מיט אַן אלף און ארויסגעשטעלט דעם רעפערענדום א גרויסע פייג...

ס'קאָן זיין, אַז די דאָזיגע פּונקטען זיינען מיט א כיון „געפאַלען", כדי די בילס זאָלען זיך ניט „הייבען"... אָבער עס וועט דען עפּעס העלפען?

אמת, דער אַדמיניסטריישאָן פאָנד האָט טאַקע ניט געקראָגען די פיר פּענים, איז וואָס זשע? וועט מען דען דערפאַר „אויפגעבען די ביזנעס", פאַרמאַכען דעם אָפיס, אַרויסטרייבען דעם סעקרעטער און אַוועקשיקען די אָפיס־אָנגעשטעלטע אין דער „ברעד ליין"?...

ניין, דאָס האָט שוין די קאָנסטיטוציע לאַנג באַוואָרענט: אויב די עקזעקוטיוו קאָמיטע כאַפּט זיך, אַז דער פאָנד איז אביסעל לאָעליכמ'דיג, דאַרף מען גאָר ניט מטריח זיין דעם רעפערענדום, ירום הודו, נאָר מען מעג אַליין אויפמאָנען ביים עולם נאָך עטליכע פּענים.

און מיינט איר אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אָדער די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועלען זיך אַוועקזעצען וויינען, למאי מ'האָט זיי ניט מוסיף געווען אַ פּעני אָדער צוויי?...

אסור אויב זיי וועלען עס טאָן! זיי וועלען מסתמא טאָן דאָס זייעריגע. מ'וועט פאָרען אויף טורס — לעקטשור־טורס, אָרגאַניזאַציאָנס־טורס, אַ דאגה וואו צו פאָרען? מ'וועט פירען מעמבערשיפּ־קאַמפּיינס, מ'וועט אַרויסגעבען ביכער און עולם כמנהגו נוהג...

אַי ס'וועט ווערען אַ לאָך אין קעשענע? צום סוף יאָר וועט זיי אויסקומען צו פאַרוואַלטען דעם — „דעפיציט פאָנד"?...

איז אויך ניט קיין אומגליק! שוין געוואוינט צו אַזעלכע זאַכען. וועט מען צום קאָנווענשאָן קומען און א קרומען פּנים מאַכען, זיינען די דעלעגאַטען חלילה קיין גזלנים ניט און מ'וועט שוין ווי עס איז דעם דעפיציט פאַרלאַטעווען...

זעט איר דאָך שוין אַליין, אַז כאָטש צוליב די דאָזיגע קליינינקייטען דאַרף מען דעם רעפערענדום ווי א לאָך אין קאָפּ, פונדעסטוועגען האָט מען פאָרט געפרעגט ביים פאָלק א דעה!

נאָ פאַרוואָס זשע קומט מען צו גיין און מען מאַכט געוואַלדען: אוי מה היה לנו! וואָס וועט ווערען פון אונזער דעמאָקראַטיע, אַז מ'האָט אָפּגעשאַפט דעם רעפערענדום?!!...

נאָר גיי פרעג קשיות ביי אידען, וואָס גייען אַרום ברוגז, מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז, דערפאַר, ווייל זיי האָבען ניט געקראָגען קיין „עליה"... זיי מוזען דאָך עפּעס טאָן! נו דראָפּעט מען זיך אויף די גלייכע ווענט, זוכט מען פון אונטער דר'ערד אַרויס עפּעס א זאַטשעפּקע, און מען וויל דערפון מאַכען אַן אישו, א באַוועגונג, טאָמער וועט מען דורכדעם זיך קענען ווי עס איז דערשטופּען אביסעל נענטער צום פראָנט...

נאָר וואָס אמת, איז אמת. פון דער דאָזיגער „באַוועגונג" וואָלט שוין לאַנג קיין זכר ניט געווען, ווייל די אידען, וואָס האָבען אויף זיך גענומען די הייליגע עובדא צו ווערען די „רעטער פון דעמאָקראַטיע", ווייסען גאַרניט מיט וואָס מ'עסט דאָס, און זיינען אפילו ניט

פויאיג במתחילת ביי א קאַץ דעם עק צו פאַרבינדען....

האָט זיי אָבער גאָט צוגעשיקט די ריכטיגע „חברים אין קאַמף", די אמת'ע ריין „זעקס הונדערט און צוואַנציג" פּראָצענטיגע פּראָלעטאַריאַט רעוואָלוציאָנערען, די „גייסטיגע יורשים" פון ליבקנעכט און לוקסעמבורג, און זיי האָבען דאָס איבערגענומען די קאָמאַנדע, זיך א נעם געטאָן צו דער מלאכה אויף א גאַנץ אַנדער שטייגער און עס ברענט ביי זיי ממש אונטער די הענט...

דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, חברה וואָס קלייבען זיך תיינט־מאָרגען „איבערקערען א וועלט". און וואו הייבט מען אָן, אויב ניט פריער אין אַרבעטער־רינג?

„פּלשתים עליך, אַרבעטער־רינג מעמבערס! — שרייען זיי, — אייערע פירער זיינען א חברה רעאַקציאָנערען, קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען, זיי שלעפּען אייך אין אָפּגרונד, זיי האָבען אייער אָרגאַניזאַציע אין א ריין־בורזשואַזנער קליין־בירגערליכער קרעמעריש באַלעבאַטישען אינשטיטוט לאָדזש פאַרוואַנדעלט! האַלט אויג אויף זיי, געטרויעט זיי ניט, טרייבט זיי אַרויס פון אַבטען פלאָר און מאַרשירט דאָרט אַריין אונטער דער פאָן פון פּראָלעטאַריאַט, אויף וועלכער ס'איז מיט רויטע בוכשטאַבען אָנגעשריבען........" נאָר ווער איז דאָס מחויב אַצינד איבערצולייענען וואָס אויף דער דאָזיגער פאָן איז אויפגעשריבען?...

זאָלען זיי נאָר פריער אַריינמאַרשירען, וועלען מיר שוין דערנאָך צייט האָבען צו לייענען!

און אפשר? ווער קען וויסען, צי עס וועט גאָר זיין וואָס צו לייענען? א קשיא אויף א מעשה? מיר האָבען דאָך שוין געזעען ווי פלאַם־פייערדיגע, היים־געבראָטענע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך אַמאָל געריסען און געשטורעמט אַרויפצוקלעטערען אויף דעם אַבטען פלאָר. זיי האָבען אויך געהאַט א פאָן, אביסעל א שענערע ווי די היינטיגע, מיט באַזילבערטע שפּיצען, מיט גאָלדענע פראַנזען, און מיט אַלערליי טייערע באַצירונגען. היינט דער אויפשריפט! קודש קדשים! פונקען האָבען אַזש געשפּריצט!... האָט מען זיי נאָר געלאָזט אַריינמאַרשירען, האָט נעבאַך די פאָן געקראָגען א פּנים; אויף אַלע שונאים געזאָגט! די פאַרב האָט באַלד אָפּבלאַקירט, די זילבערנע און גאָלדענע פעדעמלאַך האָבען זיך איינציגווייז אויסגעדריבעלט, די אותיות האָבען זיך גיך אָפּגעמעקט און פון די גאַנצע עשרת הדברות האָט מען בלויז געקענט איבערלייענען דאָס איין און איינציגע וואָרט — אנוכי...

יאָ, רבותי, אַזוי איז עס, ס'איז די זעלבע יענטע נאָר אַנדערש געשלייערט. ניט מער נאָר אַמאָליגע יאָרען האָט מען נאָך געקענט נעמען דעם עולם אויף זיכער, און היינט גייט עס ניט מער!

ווי האָט דאָרט געזאָגט לינקאָלן: דעם עולם קאָן מען דאָך פאָרט ניט אַלע מאָל אָפּנאַרען!

זאָל עס זיין, אַז לינקאָלן האָט א טעות געהאַט און האָט דערביי ניט געמיינט אונזער עולם?

נו, זאָל זיי גאָט העלפען! אז מיר'ן לעבען וועלען מיר זען!...

שווילעכטס און ראָס פאַרפלייצען פון די קליינע שליימהויט־דריזען מיט גאָנאָקאָקען קאָן מען מיט פאַרהעלטניסמעסיג גרינגע אָדער לייכטע מיטלען, מיט עלטערע, אָדער נייערע מעטאָדען פלשטענדיג אויסהיילען.

אַנדערש אָבער איז די זאַך ווען די גאָנאָקאָקען שפּרינגען אַריבער דעם נאַטירליכען שוועל און אַטאַקירען די הינטערע יורעטאַ. אַ זאַך וואָס געשעט זייער אָפט. מיר האָבען אין דעם פאַל צו טאָן מיט אַן ערנסטערע דערקראַנקונג וואָס מען רופט אָן מיט דעם נאָמען „הינטערע גאָנאָריי“, אָדער „פּאָרטערוואַר יורעטריטיס“.

אויך די סימפּטאָמען ענדערן זיך דעמאָלט גאָר אין גאַנצען.

דער אייטער אין דער הינטערער פּייפּ רייצט דעם מוסקו־לאַרנעם שלאָס, און אַזאַ קראַנקער פילט אַ קעלענדען באַגער צו לאָזען די יורין, אַקעגען וועלכען זיין ווילען איז אַ שפּילעכל. ער מוז לאָזען די יורין יעדע פּאָר מינוט, כאָטש ער האָט אין דער בלאָז ניט מער ווי אַ טראָפּען. אַזאַ קראַנקער קאָן ניט שלאָפען און ניט גיין אין ערגעץ און עס גלוסט זיך אים אָפּ דאָס לעבען. שפּעטער־צו, אָדער גלייך אין אָנהייב, קומט נאָך אַן אַנדערע צרה, וועלכע מאַכט דאָס לעבען אַ קוואַל. עס באַ־ווייזט זיך בלוט אין יורין, אָדער בעסער געזאָגט, די לעצטע טראָפּען פון יורין זיינען געמישט מיט בלוט אָדער ריין בלוט אין גאַנצען. אַזעלכע בלוטונגען קענען זיין גרויס. זיי קומען פון דעם, וואָס דער שלאָס דריקט אויף די דערווייטערטע וועגען און אויף די געשוואָלענע שליימהויט ביים צוזאַמענציען זיך און

פּרעסט אַרויס פון זיי דאָס בלוט. אַט די דערשיינונגען קענע[ן] פאַרשווינדען נאָך אַ לענגערער אָדער קורצערער צייט און זי[ך] ענדיגען מיט אויסהיילונג, אָדער זיי קענען בילדען די פאַרוואַ[...] לינע פון אַ גאַנצער ריי געפערליכע קאָמפּליקאַציעס, איבער וועל[...] כע מיר וועלען רעדען אַן אַנדער מאָל.

איידער איך וועל ענדיגען דעם אַרטיקעל, וויל איך נאָ[ך] דערמאָנען די באַקאַנטע פּראָבע, ווי אַזוי צו דערקענען אויב מע[ן] האָט צו טאָן נאָך מיט אַ פאָדערער אָדער גאָר מיט אַ הינטערע[ר] גאָנאָריי.

אויב איר קומט צו אַ דאָקטער וועגען דער קראַנקהיי[ט] הייסט ער אייך לאָזען וואַסער אין 2 אָדער 3 מאָל און מע[...] גלעזער. וואָס איז די סבה דערפון?

ביי דער פאָדערער יורעטרייטיס איז נאָר דאָס ערשטע גלאָ[ז] קאַלאַמוטנע און דאָס צווייטע קלאָר, ווייל אין דער בלאָז איז ד[...] יורין קלאָר, און אַזוי ווי דער ערשטער שטראָם שווענקט אוי[ס] די פאָדערשטע פּייפּ איז שוין במילא דאָס צווייטע גלאָז קלאָר ווייל דער אייטער איז אַרויס מיט דעם ערשטען גלאָז.

אַנדערש איז עס ביי דער פּאָסטערוואַר גאָנאָריי. דאָ אי[...] דער אייטער הינטער דעם שלאָס און האָט ניט קיין אַנדער[ן] וועג אָפּצופליסען ווי אין דער בלאָז אַריין, וואו ער מאַכט דע[ם] גאַנצען יורין קאַלאַמוטנע. אַט פאַרוואָס אויך דאָס צווייט[ע] גלאָז איז קאַלאַמוטנע.

(פאָרזעצונג פאָלגט.)

# געפּלעקטע שאָף

(נאָך קרילאָוו)

פון נחום י.

אַ לייב האָט פיינט געהאַט געפלעקטע שאָף.
איהם וואָלט ניט שווער געווען פון זיי אַ סוף
צו מאַכן, —
נאָר ס'איז ניט יושר'דיק, געמיין
אַזוי צו האַנדלען מיט אַ שוואַכן:
און גלאַט, מען טראָגט ניט צוליב דעם די קרוין
כדי צו קאָנען אונטערטאַנער דריקן,
מען דאַרף דאָך משפּט'ן גערעכט!
און דאָ איז שלעכט:
ווען ס'קומט נאָר אַ געפלעקטער שעפּס פאַר זיינע בליקן
פאַרלירט ער דעם געדולד.
ווי ווערט מען פון זיי פּטור,
און פאַר דער וועלט פון זיך אַראָפּנעמען די שולד?
איז צוליב דעם גערופן האָט ער
דעם פוקס און בער צו זיך, און זיי פאַרטרויט,
אַז די געפלעקטע שאָף דערגעען אים ביז טויט
און גיט ער נאָר אַ קוק אויף זיי —
איז טוען אים דערנאָך אַ וואָך די אויגן וויי,
און ער האָט מורא גאָר אינגאַנצן בלינד צו ווערן.
הכלל, ער וויל פון זיי אַ קלוגע עצה הערן.
— „אַלשטאַרקסטער לייב!“ — האָט אָפּגערופן זיך דער
בער, —
„וואָס ברויכט מען דאָ אַזויפיל רייד? איך קלער,
אַז דו דאַרפסט הייסן גלייך, אָן קיינע גליקן,
מען זאָל די אומגעווינשטע שאָף דערשטיקן,
און קיינער וועט צום האַרצן זיך דאָס גאָר ניט נעמען,
דען פאַר אַ שעפּס וועט איצטער אַרען ווועמען?“
דער פוקס, באַמערקנדיק ווי ס'האָט אין מיט'ן רייד
דער לייב אַ קרים געטאָן די ברעמען,
האָט אים אַזוי גענומען ראַטן שטילערהייט:
—„אַח קעניג! כ'ווייס, דו קאָנסט קיין אומרעכט ני[ט]
פאַרטראָגן,
ווייל דו ביזט גוט,
וועסט דו אומזיסט דאָך ניט פאַרגיסן זייער בלוט, —
דערלויב איך זיך אַן אַנדער זאַך דיר איצט צו זאָגן:
דו הייס זיי אָפּפירן באַזונדער אויף אַן אָרט,
אַז דאָרט
זאָל זיין גענוג פאַר זיי צום עסן און צום טרינקען,
און פלאַץ פאַר יונגוואַרג אויף צו לויפן און צו שפּרינגע[ן]
און האָבנדיק אין זינען,
אַז איצט איז שווער אַ גוטן פאַסטוך צו געפינען —
וואָלסט דו צו זיי די וועלף אַלס פאַסטוכער געשטעלט;
דו קאָנסט זיך טאָן ווי דיר געפעלט...
איך ווייס ניט — נאָר איך מיין,
אַז ביסלאַכווייז וועט דאָרט פון זיי אַליין
שוין גאָרנישט ווערן...
דערווייל זאָלסט דו זיי ניט שטערן
פאַרברענגען גוט די צייט, —
און וועט מיט זיי וואָס טרעפן—בלייבסט דו אָן דער זייט...
דעם פיקסלס רייד האָט צוגעהערט דער קעניג
און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַזוי צום סוף,
אַז ניט נאָר וואָס געפלעקטע שאָף —
נאָר שעפּסן גלאַטע איז דאָרט געבליבן ווייניק[...]

---

און וואָס האָבן געזאָגט די שכנים, די נאַראָנים?
דער לייב איז גוט — די וועלף נאָר זיינען די גזלנים!




# דאַנק רעזאָלוציאָנען

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע דאַנק־[באַ]רקייט צו אונזער געוועזענעם רעקאָרדינג [ס]עקרעטער, פריינד הוימאַן בערגער, פאַר זיין [גע]רנסטער און איבערגעבענער אַרבעט אַלס סעק־[ר]עטער פאַר דעם לעצטען יאָר און אַ האַלב. [מ]יר ווילען נאָר האָפען, אַז יעצט, ווען ער איז [נ]יט מער קיין באַאַמטער, וועט אָבער זיין אַק־[ט]יוויטעט אין ברענטש ניט אָפּגעשוואַכט [ו]ערען.

בר. 444 ; ג. ח. לאשינסקי, פינ. סעק.

אין דעם נאָמען פון בר. 348 אַ. ר., ליני־[א]לן, נעב., באַדויערן מיר וואָס פר. מ. יאפע [ה]אָט צוליב עקאָנאָמישע אורזאַכען געדאַרפט [פ]אַרלאָזען די שטאָט נאָך דעם ווי ער איז דאָ [אָ]פּגעווען 17 יאָר. דעם ברענטש וועט ער זי־[כ]ער פעלען. אַלס טשאַרטער־מעמבער האָט ער [פ]אַר די גאַנצע עלף יאָר פון ברענטשעס עק־[ז]יסטענץ אומדערמידליך געאַרבעט פאַר דעם [אַ]. ר. עס איז נישט געווען קיין איין מיטינג [ו]ואו ער זאָל נישט זיין אנוועזענד, קיין איין [א]ונטערנעמונג וואו ער זאָל נישט זיין אין [ד]ער קאָמיטע און טאָן די שווערע אַרבעט. דער [ב]רענטש, אַלס אנערקענונג פאַר זיין שווערער [אַ]רבעט, האָט באַשלאָסען צו פּרעזענטירען אים [מ]יט אַן אַ. ר. באַטאָן. מיר ווינשען אים און [ז]ער פאַמיליע גליק אין דער צוקונפט.

פרעס קאָמיטע. נ. הילל.

מיר, די מיטגלידער פון ברענטש דריקען [א]ויס אונזער בעסטען דאַנק צו אונזער פינאַנץ־[ס]עקרעטער פר. ראָבערט עדעלמאַן פאַר זיין [פ]ינקטליכקייט און אַקטיוויטעט, וואָס ער האָט [א]ונז געלייסטעט פאַר די לעצטע 6 מאָנאַט. [מ]יר ווינשען און־דערוואַרטען פון אים דאָס [ז]עלבע פאַר די נעקסטע 6 מאָנאַט וואָס ער איז [ג]ערוויילט.

רעזאָלוציאָנס קאָם. בר. 514 אַ. ר.:
סאָל. ראזינאָף, איז. קאַץ, ס. אנזשובער.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 156, דע־[ט]ראָיט, מיש., דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע [צ]ו אונזער אַקטיווען טוער פר. ח. בליופעלד, [ו]ועלכער איז געצוואונגען אונז צו פאַרלאָזען [צ]וליב זיין פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט. מיר [ה]אָפען, אַז אונזער סאַניטאַריום, וואוהין ער [פ]אָרט יעצט, וועט צוריקקערען אונזער פריינד [א]לס אַ געזונטען פאָטער צו זיין פאַמיליע און [א] נוצליכען מיטגליד פאַר דער ראַדיקאַלער [א]רבעטער־באַוועגונג.

ח. קולקין, סעק. בר. 156.

ביי אַ ספּעשעל מיטינג פון דוד עדעלשטאַט

בר. 450 אַ. ר. איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע צו באַדאַנקען אונזער געוועזענעם פינאַנץ־סעקרעטאַר ב. ראָז פאַר זיין טיכטיגער און איבערגעבענער אַרבעט צום בר. אויך איז באַשלאָסען געוואָרען אים צו פּרעזענטירען מיט אַ גאָלדענער פאונטיין פען מיט דעם עמבלעם פון אונזער אָרדען.

קאָמיטע :
מ. הירשזאָהן, ד. פּאַסטערנאַק, ס. גאָלוב.

מיר, די מיטגלידער פון בענדינער און אומגעגענט, בר. 626 אַ. ר., דאַנקען אונזער געוועזענעם סעקרעטער פר. וואָלף ליוויי און פר. אהרן אייזענשטיין פאַר דער גוטער אַרבעט וואָס זיי האָבען געטאָן פאַר אונזער ברענטש פאַר די לעצטע 18 מאָנאַטען.

א. גאָלדבערג, ה. שוואַרץ, פ. גראַבעל, קאָם.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 18 אַ. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען דאַנק צו אונ־זער פריינד און גענאָסע איירא[ן] שאפּירא פאַר זיין טרייער און איבערגעבענער אַרבעט אי אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַר פאַר די לעצטע 3 יאָר און אי אַלס אַקטיווער אַ. ר. מיטגליד.

פרעס קאָם.; ה. י. גאָלדשטיין, סעק.

ביי אונזער לעצטער ספּעשעל מיטינג, דעם 27־טען אויגוסט, האָט אונזער פריינד אַלעקס פלאַטקין רעזיגנירט פון זיין אַמט אַלס האָס־פּיטאַלער. די אורזאַך פון זיין רעזיגנירען איז פּריוואַט ביזנעס אנגעלעגענהייטען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַדאַנקען אונ־זער ביז יעצטיגען האָספּיטאַלער פאַר זיין גו־טער געטרייער אַרבעט צום ברענטש, און מיר ווינשען אים סוקסעס אין זיין פּריוואַט לעבען און מיר האָפען אַז ער וועט אויך ווייטער שטיין אין אונזערע רייען אַלס טיכטיגער מיטגליד.

סעב סמאלאר, רעק. סעק. בר. 631 אַ. ר.

בר. 457 דאַנקט הערצליך אַלע ברענטשעס, וואָס האָבען זיך אָפּגערופען אויף זיין אַפּיל פאַר שטיצע. פאָלגענדע ברענטשעס האָבען בייגעשטייערט :
צו $1.25 — בר. 495 ; צו $1.00 — בר. 383, 643, 358, 442, 55, 623, 189, 60, 266, 88, 295, 94, 216, 373, 114, 90, 126, 62, 576, 65, 61, 80, 414, 49, 112, 271, 541, 117, 154, 24, 78 ; צו 75 סענט — בר. 238 ; צו 50 סענט — בר. 209, 225, 305, 175, 39, 565, 128, 655, 552, 540, 19, 36, 618, 274, 575, 48, 622, 234, 556, 22, 23, 202, 288, 53, 377, 407, 416, 110, 245, 659, 469, 224, 4, 312, 47, 390, 386, 329, 317, 290, 152, 140, 198, 578, 483, 99, 530, 322, 87, 287, 368, 69, 447, 127, 116, 173, 125, 562, 18, 82, 353, 319, 84, 167, 10, 121, 228, 208, 42, 260, 27, 496, 220, 29, פיקסקיל בר., פיטסבורג בר., סאָלט לייק סיטי בר.

מיט פריינדליכען גרוס,
בר. 457 ; ב. זייחל, סעק.

פאָלגענדע האָבען בייגעשטייערט צום פאָנד פאַר'ן קראַנקען מיטגליד פון בר. 483 :
בר. 174 — $50.00 ; צו $5.00 — בר. 584, 496 און 63 ; $7.50 — בר. 63 ; צו $2.00 — בר. 643, 466, 553, 621, 479, 292 ; צו $1.00 — בר. 469, 658, 536, 441, 114, 459, 415, 552, 540, 126, 540, 655, 149, 20, 32, 270, 599, 217, 161, 473, 228, 573, 154, 92, 431, 375, 167, 495, 275, 377, 297, 45, 1, 11, 261, 263, 266, 169, 631, 78, 62, 61, 80, 358, 65, 314, 547, 324, 295, 117, 274, 189, 79, 320, 135, 75, 206, 395, 112, 285, 389, 210, 118, 288, 587, 602, 162, 108, 46, 336, 481, 256, 54, 37, 94, 224, 280, 216, 390, 238, 128 ; צו 75 סענט — בר. 569, 30 ; 60 סענט — בר. 253 ; 25 סענט — בר. 71 ; צו 50 סענט — בר. 458, 575, 21, 554, 250, 192, 325, 341, 458, 457, 362, 99, 173, 488, 457, 421, 198, 59, 493, 125, 418, 175, 119, 42, 103, 349, 576, 2, 416, 614, 315, 10, 596, 22, 242, 134, 353, 19, 18, 281, 639, 194, 529, 208, 127, 70, 98, 123, 84, 110, 608, 202, 96, 205, 316, 260, 486, 251, 361, 447, 140, 262, 27, 507, 185, 23, 618, 182, 687, 570, 414, 121, 250, 105, 136, 121, 240, 158, 36, 178, 4, 101, 603, 505, 152, 530, 533, 661, 39, 25, 578, 369, 87, 305, 29, 234, 82, 373, 647, 47, 64, 34, 534, 577, 225, 457, 565, 128, 13, 249, 245, 382, 490, 541.

מיר דאַנקען אַלע וואָס האָבען בייגעשטייערט. מיט פריידליכען גרוס,
בר. 483 אַ. ר.; ד. אָגראַנאָפּסקי, טרעזש.

ביי אונזער מיטינג פון דעם 21־טען סעפּ־טעמבער 1921 איז באַשלאָסען געוואָרען אויס־צודריקען אונזער דאַנק צו פריינד מ. אַראָנאָף פאַר זיין איבערגעבענהייט אַלס טרעזשורער אין פאַרלויף פון 7 קוואַרטאַלען.

בר. 198 אַ. ר.; ל. בייטעל, סעק.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

אַ ספּעשיַל מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו פון ארבעטער רינג ווערט אָפּגעהאלטן דינסטאָג אָווענט, דעם 23־טן אוגוסט, מיט פריינד גוסקין אַלס טשערמאַן.

פר. גוסקין דערקלערט, אַז דער היינטיקער ספּעשעל מיטינג איז גערופן געוואָרן אויף דעם פאַרלאַנג פון אונזער רעליף קאָמיטע וועגן נעמען אַ שטעלונג בנוגע דער רעליף פאַר רוסלאַנד. ער זאָגט, אַז פר. באַסקין וועט וועגן דעם מאַכן אַ דערקלערונג.

צושריפטן

פון בר. 166 און 573, — זיי דריקן אויס אַ פּראַטעסט געגן באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו צו אינסטרואירן אונזער פּראַטוירנאל דעלעגאַט צו דער אידישער פעדעראַציאָנס קאָנווענשן, אַז ער זאָל אין זיין באַגריסונג אויסדריקן די מיינונג, אַז די פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער רינג איז געגן דעם, אַז די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע זאָל זיך יעצט אָפּרייסן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס ווערט באַשלאָסן די צושריפטן צו פיילן.

פון דער נעטשוראליזיישן אייד ליג, — זיי דאַנקען פאַר די $300 וואָס איז פאַר זיי באַוויליקט געוואָרן ביי דער לעצטער קאָנווענשן.

פון דער פּיפּלס רעליף קאָמיטע, — זיי שיקן צו אַ קאָפּיע פון אַ דערקלערונג, וועלכע זיי ווילן פאַרעפנטלאַכן אין דער פּרעסע, און פאַרלאַנגען, אַז דער ארבעטער רינג זאָל אויך די דאָזיקע דערקלערונג אונטערשרייבן. אין אָט דער דערקלערונג ווערט אָנגעדייטעט, אַז די לעצטע קאָנפערענץ, וואָס איז גערופן געוואָרן פאַר רוסישע רעליף, איז באַצוועקט געוואָרן צו העלפן די אידן, וועלכע האָבן געליטן אין רוסלאַנד סאַי פון פּאָגראָמען און סאַי פון הונגער. עס ווערט באַשלאָסן צו הנדלען וועגן דעם נאָכדעם ווי עס וועט אויסגעהערט ווערן אַ באַריכט פון אונזער רעליף קאָמיטע.

---

פר. באַסקין דערקלערט, אַז די מיינונגס־פאַרשידנהייט ביי דער קאָנפערענץ וועגן רוסישע רעליף, וואָס איז אָפּגעהאלטן געוואָרן דעם 16־טן ד. מ., האָט צעשפּליטערט די כחות פון די, וועלכע האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקט. אונזער רעליף קאָמיטע האָט דארום גערופן דעם היינטיקן ספּעשעל מיטינג צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן רעליף פאַר רוסלאַנד און וועגן נעמען אַ שטעלונג. אונזער רעליף קאָמיטע האָט אויך באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַרבעטער רינג ברענטשעס אין ניו־יאָרק און אומגעגנט, אויף דינסטאָג דעם 30־טן ד. מ., און דאָרט קלאָר מאַכן און איבערגעבן אונזער שטעלונג בנוגע דער דאָזיקער טעטיקייט. ער זאָגט, אַז מיר דאַרפן איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשליסן, צי וועט אונזער אַרבעט זיין בלויז פאַר די אידן אין רוסלאַנד, אָדער אין אַלגעמיין פאַר די הונגער־ליידנדע אין רוסלאַנד.

פריינד גוסקין זאָגט, אַז ביים לעצטן מאָנאַטלאַכן מיטינג האָט ער אויף פריינד בורגינס אַ פראַגע דערקלערט, אַז די עקזעקוטיוו וועט זיך באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ וועגן אַלגעמיינע רעליף פאַר רוסלאַנד, און די עקזעקוטיוו האָט די דאָזיקע דערקלערונג אָנגענומען. פאָלגלאַך, דאַרף עס באַטראַכט ווערן אַלס אַ פריערדיקע שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו צו אַרבעטן פאַר אַלגעמיינע רעליף. די פראַגע ווערט ברייט דעבאַטירט. כמעט אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו באַטייליקן זיך אין דער דעבאַטע, און עס ווערט אָנגענומען פאָלגענדעס :

1) דער אַרבעטער רינג פירט אָן זעלבסטשטענדיק זיין הילפס־קאַמפּיין פאַר רוסלאַנד, אָן וועלכע סאַיז פאַרבינדונג מיט אַנדערע רעליף קערפּערשאַפטן.

2) די רעליף געלדער פון אַרבעטער רינג זאָלן זיין פאַר די הונגעריקע אין רוסלאַנד אין אַלגעמיין און פאַר די אידן אין רוסלאַנד.

3) ווען דאָס געלט וועט זיין קאָלעקטירט, זאָל דעמאָלט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו באַשליסן צו צעטיילן די רעליף געלדער נאָך די אומשטענדן וואָס וועלן דאַן זיין אין רוסלאַנד.

עס ווערט דאַן באַשטימט, אַז די דערקלערונג פון דער פּיפּלס רעליף זאָל פון אַרבעטער רינג ניט אונטערגעשריבן ווערן.

---

פר. באַסקין רייבט אויף די פראַגע, צי די עקזעקוטיוו זאָל שיקן אַ פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ, וואָס וועט אָפּגעהאלטן ווערן קומענדן זונטאָג, גערופן פון בר. 225, אָבוואָל די עקזעקוטיוו איז ניט איינגעלאַדן געוואָרן. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט, אַז אויב מען האָט ניט איינגעלאַדן די עקזעקוטיוו, דאַרפן מיר קיין פאַרטרעטער ניט שיקן. די דערקלערונג פון טשערמאַן ווערט אָנגענומען.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסן.

---

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאלטען מיטוואָך אָווענט, דעם 7־טען סעפּטעמבער, מיט פר. ראָבערטס, וויצע־טשערמאַן, אַלס פאָרזיצענדער.

קאָמיטעס

פון ברענטש 147, — זיי ווענדען זיך נאָכאַמאָל וועגן זייער סעקרעטער. זיי דערקלערען, אַז דער ברענטש איז מיט דער מיינונג, אַז ער קען ניט צוריקגעוויזען ווערען אַלס סעקרעטער, אוידער דער אַפּיל וועגען דער אנגעלעגענהייט וועט פאַרהאַנדעלט ווערען ביי דער נאַצ. באָרד אָוו דירעקטאָרען. דער טשערמאַן דערקלערט, אַז אויב די פראַגע וועט אַפּעלירט ווערען צו דער נאַצ. באָרד אָוו דירעקטאָרען, וועט ער דערווייל קענען פאַרבלייבען סעקרעטער פון ברענטש.

פון בר. 338, — זיי גיבען איבער, אַז זייערער אַ מיטגליד, וועלכער איז אין 1919 אויסגעשלאָסען געוואָרען פון סאַניטאַריום, איז יעצט ווידער קראַנק געוואָרען, און ער האָט געמאַכט אַן אַפּליקיישאַן אַריינגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום אויף דער איבעריגער צייט. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אָבער דעם אַפּליקיישאַן צוריקגעוויזען. דער ברענטש אַפּעלירט, אַז מען זאָל אים אַריינגעמען. פר. ל. ראָטהמאַן דערקלערט, אַז אין 1919 האָט די נאַצ. עקזעקוטיוו געמאַכט אַ גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען די מיספאַרשטענדניסען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען די פּאַציענטען און דער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום, און 5 פּאַציענטען זיינען דאַן פון דער עקזעקוטיוו אויסגעשלאָסען געוואָרען, צווישען זיי אויך דער באַטרעפענדער. ס'איז דאמאָלס באַשלאָסען געוואָרען פון דער עקזעקוטיוו, אַז ער זאָל מער ניט קענען אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום, און דער באַשלוס איז גוטגעהייסען געוואָרען פון דער קאָנווענשאַן. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט דארום אויף דעם אַפּליקיישאַן געענטפערט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו האָט וועגען דער קייס געהאַנדעלט, פאָלגליך דאַרף אויך יעצט אין דעם פאַל האַנדלען די גאַנצע עקזעקוטיוו.

די פראַגע ווערט דעבאַטירט, און ס'ווערט באַשלאָסען דער באַטרעפענדער זאָל ניט אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום, אויף דעם גרונד וואָס ער האָט געבראָכען די דיסציפּלין און די פירונגען פון סאַניטאַריום, ווען ער איז דם לעצטע מאָל געוועזען דאָרט אַ פּאַציענט. עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ קאָמיטע פון ברענטש און איבערגעבען די מאָטיוועז פון אונזער באַשלוס. אַלס קאָמיטע ווערען דערוויילט פריינד ליטאַוער און ל. ראָטהמאַן.

צושריפטען

פון דער שיקאַגאָ סיטי סענטראַל קאָמיטע, — זיי דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו צו שיקען אַ פּראָטוירנאַל דעלעגאַט צו דער ספּעציעלער קאָנווענשאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע צו באַאיינפלוסען די קאָנווענשאַן ניט אָפּצורייסען זיך פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ענליכע רעזאָלוציעס ווערען אויך פאָרגעלעזען פון בר. 264, 409, 484 און 480. עס ווערט באַשלאָסען די דאָזיקע רעזאָלוציעס צו פיילען.

פון דער נעשאָנאַל דעפענס קאָמיטע, — זיי באַדאַנקען פאַר די $500, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון די $2,500, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פון דער קאָנווענשאַן פאַר אַמנעסטיע און דעפענס צוועקען. ענליכע דאַנק־בריף ווערען אויך פאָרגעלעזען פון דער פּאָליטיקאַל דעפענס קאָמיטע פאַר די $100, וואָס איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרען, פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר די $1000, פון די וואָירקערס דעפענס יוניאָן פאַר די $200, פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי באַדאַנקען פאַר די $3,000, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנווענשאַן. פון באָסטאָן לייבאָר לייסעאום, זיי באַדאַנקען פאַר די $500, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנווענשאַן. זיי שיקען אויך צו 50 שערס, וואָס באַטרעפען די סומע.

פון די פאַראייניגטע איד. געווערקשאַפטען באָסטאָן, — באַדאַנקען פאַר די $100, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנווענשאַן.

פון „בונד“, — באַדאַנקען פאַר די $2,000, וואָס איז באַשטימט געוואָרען צו שטיצען דעם „בונד“.

---

פר. י. ב. ביילין, רעדאַקטער פון „פריינד“, דערקלערט, אַז אין דער רעדאַקציע זיינען דערהאַלטען געוואָרען אַ ריִע פּראָטעסט־רעזאָלוציעס געגען דער שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנווענשאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. עס זיינען אויך דערהאַלטען געוואָרען רעזאָלוציעס פון ברענטשעס, וועלכע דריקען אויס זייער מיינונג אין איינקלאַנג מיט דעם צושריפט פון בר. 225, און פאַרקערט, פון אַנדערע ברענטשעס זיינען אָנגעקומען רעזאָלוציעס געגען דעם צושריפט פון בר. 225. עס ווערט באַשלאָסען, אַז ווען אין פריינד וועלען געדרוקט ווערען די רעזאָלוציעס אין פאַרבינדונג מיט דער שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו וועגען דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, זאָל געמאַכט ווערען אַ באַמערקונג פון דער רעדאַקציע, אַז די עקזעקוטיוו האָט בלויז באַאויפטראַגט דעם

פראַטוירנאל דעלעגאַט צו דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אויסצודריקען די מיינונג, אַז די פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־רינג גלויבט, אַז ביים יעצטיגען מאָמענט דאַרף די פעדעראַציע זיך ניט אָפּשפּאַלטען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

פר. ביילין דערקלערט, אַז פר. ל. אַרקין האָט צוגעשיקט אַ דערקלערונג פאַר'ן „פריינד" וועגען דער ספּעציעלער קאָנווענשאַן, אַנדייטענדיג, אַז ער (אַרקין) האָט זיך פון אָט דער ספּעציעלער קאָנווענשאַן צוריקגעצויגען. פר. ביילין פרעגט, צי דאָס זאָל אין „פריינד" געדרוקט ווערען. די נאַצ. עקזעקוטיוו באַשליסט, אַז פריינד אַרקינס דערקלערונג זאָל ניט געדרוקט ווערען אין „פריינד", נאָר דער רעדאַקטער זאָל נאָכקוקען צי ס'איז אין דעם קאָנווענשאַן נומער „פריינד" איבערגעגעבען, אַז פריינד אַרקין האָט זיך פון דער ספּעציעלער קאָנווענשאַן צוריקגעצויגען, אויב ניט, זאָל דער סעקרעטאַריאַט פון קאָנווענשאַן מאַכען אַזאַ קאָרעקשאַן אין „פריינד".

## באַריכטען

פר. העסקעל באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביים באַנקעט פון די קעפּ־מייקערס יוניאָן און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַרבעטער־רינג. דער באַנקעט איז געווען זייער אַ שיינער, ווי עס פּאַסט פאַר דער קעפּ־מייקערס יוניאָן. זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראָבערטס באַריכטעט, אַז פר. גוסקין, דינערשטיין און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ פון אַ. ר. בראַנטשעס, וואָס איז גערופען געוואָרען וועגען רוסישע הילף. די קאָנפערענץ איז געווען זייער גוט באַזוכט. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די געלדער זאָלען גיין פאַר דעם אַלגעמיינעם רוסישען רעליף־פאָנד. פאַר דעם באַשלוס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 158 שטימען. פאַר דער רעקאָמענדאַציע פון דער עקזעקוטיוו, אַז די געלדער זאָלען גיין אַי פאַר'ן אַלגעמיינעם און אַי פאַר'ן אידישען רעליף, זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 119 שטימען, פאַר אידישער רעליף זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 43 שטימען.

פר. גוסקין האָט אַלס טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו דערקלערט, אַז דער דאָזיגער באַשלוס קען ניט זיין בינדענד פאַר דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע, ווייל אויב איינצעלנע בראַנטשעס וועלען באַשליסען אַז די געלדער וואָס זיי וועלען קלייבען זאָלען גיין פאַר אַלגעמיינע און אידישע רעליף, אָדער בלויז פאַר רעליף פאַר די אידען אין רוסלאַנד, וועט די נאַצ. עקזעקוטיוו אָט די פאַרלאַנגען פון די בראַנטשעס מוזען דורכפירען.

אַ דעלעגאַט האָט נאָכהער געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו דערוויילען אַ 25־גער קאָמיטע, וועלכע זאָל אויך האָבען דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען די נאַצ. עקזעקוטיוו אין אָט דער רעליף־טעטיגקייט. די פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו האָבען דאַן דערקלערט פאַר די דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ, דאָס אַזאַ אַמענדמענט קען ניט אָנגענומען ווערען, דאָס אַ קאָמיטע דערוויילט ביי אַ לאָקאַלער קאָנפערענץ קען ניט האָבען די אויטאָריטעט צו קאָנטראָלירען די טעטיגקייט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. די דאָזיגע פראַגע האָט אַרויסגערופען אַ הייסע דעבאַטע, און די פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז אויב דער אַמענדמענט וועט אָנגענומען ווערען זאָל די עקזעקוטיוו זיך צוריקציען פון דער קאָנפערענץ. נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע איבער דער פראַגע, האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסען דעם אַמענדמענט צוריקצוציען. ס'איז דאַן באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער טשערמאַן און די 2 סעקרעטאַרען פון דער קאָנפערענץ זאָלען נאָמינירען אַ 25־גער קאָמיטע, וועלכע זאָל אָנפירען אַן אַגיטאַציע צווישען די ניו־יאָרקער בראַנטשעס פון אַרבעטער־רינג פאַר אַלגעמיינע רעליף און זייער טעטיגקייט זאָל שטיין אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. געליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער, באַריכטעט (פר. באַסקין איז אויף וואַקיישאַן, און דער באַריכט ווערט אָפּגעגעבען פון פר. געליעבטער), אַז די אַרבעט אין פאַרבינדונג מיט דער פאַראייניגונג מיט'ן לייבאָר־ליג ווערט יעצט אין אָפיס פאַרענדיגט. די רעקאָרדס פון לייבאָר ליג ווערען געענדערט לויט אונזער סיסטעם, און די דאָזיגע אַלע רעקאָרדס וועלען קירצליך זיין פאַרטיג פאַר אונזערע פיילס

די בראַנטשעס פון קאַליפאָרניע סטייט האָבען פאַרלאַנגט אַ פאַרטרעטער צו דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען, צו וועלכע זיי זיינען באַרעכטיגט. די צאָל מיטגלידער פון דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען ווערט אַלץ גרעסער מיט דעם וואוקס פון אַרבעטער־רינג בראַנטשעס איבער די פאַרשידענע סטייטס. פר. געליעבטער דייטעט אָן, אַז די עקזעקוטיוו וועט זיך דאַרפען אַריינטראַכטען אין דער פראַגע וועגען רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאַן, אַז די נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען זאָלען האָבען בלויז איין מאָל אין יאָר אַ זיצונג, אנשטאָט 2 מאָל, ווי יעצט, כדי צו פאַרקלענערען די אויסגאַבען פון אַדמיניסטריישאַן פאָנד, וועלכער האָט יעצט אַ דעפיציט פון $13,506.18.

ער דערקלערט, אַז נאָכדעם ווי דער קאָנווענשאַן רעפערענדום איז געשלאָסען געוואָרען, און געוויסע אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע זיינען אָנגענומען און צוריקגעוויזען געוואָרען, איז נייטיג, אַז די עקזעקוטיוו זאָל דערוויילען אַ סאָב־קאָמיטע צוזאַמענצושטעלען די אַלע אַמענדמענטס, אום עס זאָל צוגעגרייט ווערען צום דרוק אַ נייע קאָנסטיטוציע פון אַרבעטער־רינג.

ער באַריכטעט וועגען דעם צושטאַנד פון די פאָנדס ביז דעם 1־טען סעפּטעמבער, ווי פאָלגט:

דער „פריינד" פאָנד האָט אַ דעפיציט $4,177.02, פון דעם דאַרף אַרונטערגערעכענט ווערען דאָס פּאַפּיער, וואָס איז געקויפט געוואָרען פאַר'ן „פריינד", און באַטרעפט אַרום $2,000.

דער עדיוקיישאָנאַל פאָנד האָט אַ דעפיציט פון $1,381.81.

דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון $3,362.24, און דער סאַניטאַריום בילדינג פאָנד האָט יעצט אַ סורפּלוס פון אַרום $42,667.84.

דער קראַנקען־בענעפיט פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון $162,000.

---

עס ווערט באַשלאָסען אָפּצוּוואַרטען מיט'ן דרוקען די נייע קאָנסטיטוציע, ווייל ס'איז דאָ אַ מעגליכקייט, אַז נאָך דער קומענדער קאָנווענשאַן זאָלען ווידער אָנגענומען ווערען איינינע ענדערונגען, וועלכע וועלען דאַרפען אַריין אין דער קאָנסטיטוציע.

סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון מיטינג מיטוואָך אָווענט, דעם 14־טען סעפּטעמבער.

---

**אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָווענט, דעם 14־טען סעפּטעמבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.**

## קאָמיטע

פון די עקס־פּאַציענטען, — דערקלערען, אַז די עקס־פּאַציענטען פּלאַנעווען צו אָרגאַניזירען קאָאָפּעראַטיווע שעפּער אין די מאָונטיינס, ווייל עס זיינען דאָ אַ סך עקס־פּאַציענטען, וועמען דאָקטוירים דערלויבען ניט צו קומען צוריק אַרבעטען אין שטאָט. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיך שטעלען מיט זיי אין פאַרבינדונג און העלפען זיי אויסאַרבעטען די פּלענער און קאָאָפּערירען מיט זיי אין דער אַרבעט.

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען דאָס פריער צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, בעט די פאַרטרעטער, אַז זיי זאָלען זיך וועגען דעם ווענדען צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין פּעטערסאָן איז לעצטענס אינסטאַלירט געוואָרען אַ נייער בראַנטש 401, מיט 26 מיטגלידער: די אינסטאַלליישאַן איז געווען אַן איינדרוקספולע. פאָרשטייער פון די פּעטערסאָנער בראַנטשעס, ווי אויך פון דער אָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע, האָבען דעם נייעם בראַנטש באַגריסט.

די סאַן־פראַנסיסקאָ סיטי קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי געבען אַ באַזונדערע דיסטריקט קאָמיטע, באַזונדער פון דער לאָס־אַנדזשעלאס דיסטריקט קאָמיטע, ווייל זיי ליגען אויף אַ ווייטערער שטרעקע פונ'ן לאָס־אַנדזשעלעס, און זיי האָבען איינינע שטעט אַרום זיך צוזאַמענצושטעלען אַ באַזונדערע קאָמיטע. זייער פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען.

מאַנכע פון אונזערע דיסטריקט קאָמיטעס, ווי באַלטימאָר, מאָנטריאָל, א. ד. ג., זיינען געווען די איניציאַטאָרס צו פאַררופען אין יענע שטעט קאָנפערענצען וועגען רוסישע רעליף.

אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין וואָוסטער, מאַסס.

די דיסטריקט קאָנפערענצען איבער'ן לאַנד צו דערוויילען נייע דיסטריקט קאָמיטעס ווערען יעצט אָפּגעהאַלטען און אין גיכען וועלען אַלע נייע דיסטריקט קאָמיטעס אינסטאַלירט ווערען און צוטרעטען צו דער אַרבעט.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען אַ פאַרטרעטער אין באָסטאָן אויף אַ וואָך אָדער 2, כדי צו העלפען אָרגאַניזירען די אינסטאַליישאַנס פון די לייבאָר־ליג בראַנטשעס. פר. לעוויטאַן איז דאָרט געווען אַלס פאַרטרעטער פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

די אינסטאַליישאַנס פון די גרעסטע טייל לייבאָר־ליג בראַנטשעס זיינען פאָרגעקומען לעצטען שבת, זונטאָג און מאָנטאָג. דאָס זיינען געווען אמת'ע אַרבעטער־רינג טעג אין די שטעטלאַך, וואו די אינסטאַליישאַנס זיינען פאָרגעקומען. אין מאַנכע פּלעצער זיינען אויך צוזאַמען מיט די אינסטאַליישאַנס געגעבען געוואָרען קאָנצערטען. די דאָזיגע אינסטאַליישאַנס זיינען ווירקליך געווען אַ שמחה ביי די פריערדיגע מיטגלידער פון לייבאָר־ליג און זייערע פריינד. עס זיינען דאָרט געווען פאַרטראָטען פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, ראָבערטס, לעוויטאַן, קרנסקי און ער (דינערשטיין). ביי די אינסטאַליישאַנס זיינען אויך געווען פאַרטרעטער פון דער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע. פר. דינערשטיין זאָגט, אַז פר. לעוויטאַן, וועלכער האָט ראַנזשירט אַלע אינסטאַליישאַנס, וועט אָפּגעבען אַ באַזונדערע

רעפּאָרט מיט איינצעלהייטען וועגען אַלע אינסטאַלליישאַנס און וועגען די אויסזיכטען פאַר ווייטערדיגע אַרבעט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראַטען אין בעיאָן ביי דער ערעפענונג פון זייער לייבאָר־לייסעאום. ס'איז געווען אַן אמת'ער יום־טוב. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. ביי דער געלעגענהייט איז געזאַמעלט געוואָרען $1,500 אין קעש און $2,000 אין פּלעדזשעס פאַר'ן לייבאָר־לייסעאום. אין אָוונט איז געווען אַ וועטשערינקא, ביי וועלכער ס'איז קאָלעקטירט געוואָרען עטליכע הונדערט דאָלער פאַר די הונגערלליידענדע אין רוסלאַנד.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע שטייט יעצט אין פאַרבינדונג מיט עטליכע סאָסייעטיס, וועלכע פאַרהאַנדלען וועגען אַנשליסען זיך אָן אַרבעטער־רינג.

די סקודער יאָנג מענס פון ניו־יאָרק זיינען אינסטאַלירט געוואָרען אַלס אַ ברענטש פון אַרבעטער־רינג. זיי פאַרשפּרעכען צו זיין אַ שיינע אָרגאַניזאַציע.

בר. 200 געפינט זיך אין אַ שלעכטען צושטאַנד צוליב דעם וואָס זייערע באַאַמטע האָבען זיך לעצטענס געביטען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט גערופען פון זיי אַ ספּעשעל מיטינג, כדי דעם ברענטש אויפצולעבען.

די סאוט איסטערן דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליגען $300 פאַר די אויסגאַבען וואָס די קאָנפערענץ פון זייער טעריטאָריע דאַרף באַטרעפען. אַזוי ווי די שטעט פון זייער דיסטריקט ליגען ווייט איינע פון די אַנדערע, און ס'איז ווירקליך פאַרבונדען מיט גרעסערע אויסגאַבען, האָט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען צו באַוויליגען פאַר זיי $75.

דער רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז פאָרלויפיג זאָל פון „לויק" אַרויסגענומען ווערען די וואָרצלען פון די ביימער, וועלכע זיינען אָנגעוואַקסען פאַר אַ לאַנגער צייט. דאָס אַליין וועט שוין העלפען, אַז דער טייך זאָל אין אַלגעמיין זיין ריינער ווי ער איז געווען פריער, ווען ער וועט ווידער אָנגעפילט ווערען. עס ווערען יעצט גענומען עסטימייטס פאַר דער אַרבעט, וועלכע וועט וואַרשיינליך קאָסטען אַרום 2000 דאָלער.

אַ נייער „דאדזש" אויטאָמאָביל איז געקויפט געוואָרען פאַר'ן סאַניטאַריום, פאַר וועלכען ס'איז באַצאָלט געוואָרען $1,200. דער אַלטער „פאָרד" אויטאָמאָביל איז פאַרקויפט געוואָרען פאַר $165. צום באַדויערן האָט געטראָפען אַן עקסידענט מיט'ן נייעם אויטאָמאָביל, און עס וועט דאַרפען קאָסטען אַרום $150 אים צו פאַרריכטען. אַזוי ווי דער אויטאָמאָביל איז אינשורט, וועט די אינשורענס קאָמפּאַניע דעקען די אויסגאַבען פון פאַרריכטען די מאַשין.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אַז מיס אַש, די יעצטיגע בוכקיפּערין, זאָל איבערנעמען די אַרבעט פון סטאָק־קלוירק, און אַז אַן אַנדער בוכקיפּער זאָל אָנגעשטעלט ווערען אויף איר פּלאַץ.

ווי באַוואוסט, איז נאָך מיט אַ לענגערער צייט צוריק באַשטימט געוואָרען אַריינצושטעלען אַן „אינסינעריימאָר" אויף צו פאַרברענען די שמוץ און די לייכען פון די פּאַציענטען. דער „אינסינעריימאָר" וועט קאָסטען אַרום $1,000, וואָס איז אַ סך ביליגער פון דער סומע וואָס האָט געדאַרפט קאָסטען פריער. די קאָמפּאַניע שטעלט גראָד אַריין אַן „אינסינעריימאָר" אין אַ צווייטען אַנשטאַלט, ניט ווייט פון אונזער סאַניטאַריום, און דארום האָבען זיי דעם „אינסינעריימאָר" יעצט געלאָזען אויף אַ ביליגערען פּרייז.

די סאַניטאַריום קאָמיטע אונטערזוכט יעצט די פראַגע, צי עס וועט מעגליך זיין צו קויפען קוילען דירעקט פון די קוילען־מינען. עס זיינען אָבער דאָ שוועריגקייטען אין פאַרבינדונג מיט דעם, ווייל כדי צו קריגען די קוילען פון די קוילען־מינען דירעקט, איז נייטיג צו האָבען אַ גרויסען פּלאַץ, וואו צו האַלטען די קוילען און אויסצולאָדען זיי גלייך ווי זיי קומען אָן מיט די וואַגאָנען פון די קוילען־מינען.

דער קאָנצערט, וואָס איז געגעבען געוואָרען אין סאַניטאַריום זונטאָג, דעם 29־טען אויגוסט, פאַר די מלחמה קרבנות, איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג. די פּאַציענטען אַליין האָבען פאַרקויפט טיקעטס אויף אַרום 2 טויזענט דאָלער, און אין אַלגעמיין האָבען די פּאַציענטען אַ סך מי און אַרבעט אַוועקגעגעבען אום צו מאַכען דעם קאָנצערט פאַר אַן ערפאָלג. אויב דער קאָנצערט איז ווירקליך געווען אַ גרויסער ערפאָלג, איז דאָס זיכער צו פאַרדאַנקען די איבערגעבענהייט פון אונזערע פּאַציענטען צו דער אונטערנעמונג. אין דעם קאָנצערט האָבען זיך באַטייליגט חזן הערשמאַן, און די באַוואוסטע אַקטיאָרען גאָלדענבורג און לעבעדאָף. אַלע קרעפטען האָבען זיך באַטייליגט אומענטגעלטליך. דער קאָנצערט האָט אַריינגעבראַכט פּראָפיט איבער $3000.

צוליב דעם וואָס עס זיינען געווען גרויסע היצען, און אין פיל פּלעצער האָט געפעלט וואַסער, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע געבעטען פר. דריישפּיעל אַרויסצופאָרען אין סאַניטאַריום און זען, אַז די וואַסער־רעזערוואָארען זאָלען געהאַלטען ווערען אין אָרדנונג.

רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָוונט, דעם 20־טען סעפּטעמבער.

---

אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָוונט, דעם 20־טען סעפּטעמבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפט

פון פר. מ. אייבראַמס, — ער שרייבט, אַז ער פאָרט אַוועק אי אייראָפּע אין די אינטערעסען פון דער ווילנער רעליף, און ער בע אַז מען זאָל אים דערלויבען צו זיין אָפּוועזענד פון דער עקזעקוטיו די קומענדע 3 מאָנאַטען צייט. עס ווערט באַשלאָסען זיין פאַרלאַנ צו באַוויליגען.

## קאָמיטעס

פון דער 25־גער קאָמיטע, וואָס איז דערוויילט געוואָרען ביי דע ניו־יאָרקער קאָנפערענץ וועגען רוסישע רעליף, — נ. לאַנדאָן, ז סיגעל, מ. איווענסקי, און איזראַעל דינערשטיין, אַלס קאָמיטע, דע קלערען, אַז זייער קאָמיטע האָט באַשלאָסען:

1) צו אַראַנזשירען אַ ריזען מאַס־מיטינג אין ניו־יאָרק אי מעדיסאָן סקווער גאַרדען, אָדער אין אַן אַנדער ענליכען פּלאַץ, כד צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע אידישע מאַסען צ דער רעליף־אַרבעט פאַר די הונגערליידענדע אין רוסלאַנד.

2) אַרויסצושיקען אַ צושריפט צו די ניו־יאָרקער ברענטשעס פו אַרבעטער־רינג וועגען דעם אַלגעמיינעם רעליף.

3) אַז די רעליף קאָמיטע פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל זי שטעלען מיט זייער קאָמיטע אין פאַרבינדונג, כדי די אַרבעט זאָ אָנגעפירט ווערען געמיינשאַפטליך און האַרמאָניש.

זייער פּלאַן ווערט דעבאַטירט. אַ גרויסע טייל פון די עקזעקו טיוו מיטגלידער זאָגען זיך אַרויס געגען אַראַנזשירען אַ גרויסע מאַס־מיטינג אָדער אונטערנעמונג, ווייל דאָס איז פאַרבונדען מי הוצאות פון עטליכע טויזענט דאָלער, און אונזערע ברענטשעס וועלע סיי־ווי־סיי ביישטייערען זייער חלק פאַר דעם פאָנד, ווען מען וועט זיי נאָר וועקען צו טעטיגקייט.

פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, דערקלערט די פאַר טרעטער פון דער 25־גער קאָמיטע, אַז זיי קענען צוגרייטען אַ צו שריפט צו די ניו־יאָרקער ברענטשעס. ער פאָדערט אויך אויף ד עקזעקוטיוו רעליף קאָמיטע צו זיין אַנוועזענד ביי זייער קומענדע מיטינג.

---

פון דער ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, — זיי דער קלערען, אַז זיי האָבען גערופען אַ קאָנפערענץ אויף דעם 9־טען אָק טאָבער צו דערוויילען אַ נייעם שטאָטישען בילדונגס־קאָמיטעט, אָנצו פירען די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט אין ניו־יאָרק. זיי האָבען אָבער געהערט, אַז די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט וועט דעם יאָר אָנגעפירט ווערע פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אַנשטאָט פון דער נאַצ. עדיו קיישאָנאַל קאָמיטע, לויט דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאַן. זיי ווילען דארום וויסען צי זיי קענען ווייטער אָנגיין מיט דע צוגרייטונג פון דער דאָזיגער קאָנפערענץ. פר. דינערשטיין דערקלערט אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס און די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָבען געהאַט אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג וועגען דער פראַגע פו עדיוקיישאָנאַל אַרבעט, ס'איז אָבער גאָר ניט באַשלאָסען געוואָרע וועגען דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָנפערענץ. עס ווערט באַשלאָסען אַז די ניו־יאָרק סיטי קאָנפערענץ זאָל דערוויל אָפּגעלייגט ווערע ביז ביידע קאָמיטעס וועלען האַנדלען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע באַריכטעט, אַז די רעקאָרדס פון לייבאָר־ליג זיינען לעצטען מאָנאַט געבראַכט געוואָרע אין אָפיס און די אַרבעט אויף ברענגען די רעקאָרדס אין אָרדנונג לויט אונזער סיסטעם ווערט יעצט פאַרענדיגט. אויף דער אַרבע זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען איניגע עקסטרא קלוירקס. ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט פון די רעקאָרדס פון לייבאָר־ליג, האָבען זיי גע־האָט 93 מיטגלידער, וועלכע האָבען דאָרט באַלאַנגט אָן קראַנקען־בענעפיט. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיגע זיינען אין לייבאָר־ליג ניט אַריינגענומען געוואָרען מיט קראַנקען־בענעפיט, ווייל זיי זיינען קראַנק. נאָכדעם ווי די אָפיס קאָמיטע האָט באַטראַכט די פראַגע, איז באַשלאָסען געוואָרען די דאָזיגע גרופּע צו האַלטען אויף אונזערע רעקאָרדס אין אַ באַזונדערען קלאַס, אָן קראַנקען־בענעפיט. פאַרשטענדליך, אַז זיי וועלען ניט דאַרפען צאָלען פאַר דעם קראַנקען־בענעפיט פאָנד.

אַראַנזשמענטס זיינען געמאַכט געוואָרען מיט די געוועזענע ברענטשעס פון לייבאָר־ליג, אַז פון דעם 16־טען סעפּטעמבער זאָלען זיי אַלע צושריפטען, געלט, סיק־סערטיפיקייטס א. ד. ג. שיקען אין אונזער דזשענעראל אָפיס, כדי אונזערע חשבונות מיט זיי זאָלען קענען פּינקטליך געפירט ווערען פון דעם ערשטען אָקטאָבער אָן. ענליכע אראנזשמענטס זיינען געמאכט געווארען מיט'ן אָפיס פון ל. ל.

אַ ספּעציעלער בריף איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע געווע־ זענע ברענטשעס פון לייבאָר־ליג, מיט אינסטראַקשאָנס ווי אַזוי זיי זאָלען פירען זייערע ביכער, וועגען די קלאַסען פאַר מיטגלידער, וועלכע מיר האָבען, אום זיי זאָלען ניט פאַרפּלאָנטערען די געוועזענע פירונגען פון לייבאָר־ליג מיט אונזער סיסטעם.

אַזוי ווי אין לייבאָר־ליג זיינען דאָ אַ געוויסע צאָל מיטגלידער, וועלכע זיינען אויך מיטגלידער אין אַרבעטער־רינג, וועט מען די דאָ־ ליגע, וועלכע וועלען וועלען אָנהאַלטען ביידע פּאָליסים, דאַרפען טראַנס־ פערירען אָדער צו אַ העכערער פּאָליסי, צו דער סומע וואָס וועט באַ־ טרעפען זייער פּאָליסי אין לייבאָר־ליג און די פּאָליסי אין אַרבעטער־ רינג צוזאַמען, אָדער צו דער $1000 פּאָליסי.

פאַר דער לעצטער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס און סטייט קאָנפערענץ פון ניו־יאָרק זיינען געאָרדערט געוואָרען ספּעציעלע קאַרדס, אום צו זיין זיכער אַז אין דער קאָנפערענץ באַטייליגען זיך בלויז געזעצ־ ליכע דעלעגאַטען.

וועגען דעפּיציט פון אַדמיניסטריישאַן פאָנד, האָט די אָפּיס קאָ־ מיטע נאָך דערוויול ניט געהאַנדעלט.

פר. ראָזעאָבלאַט דערקלערט, אַז די עקזעקוטיוו מוז אומבאַדינגט זיך אַריינטראַכטען וועגען דער פראַגע פון אַ האָום־אָפּיס. מיט די משליכע טויזענט רעקאָרדס, וואָס זיינען צוגעקומען פון לייבאָר־ליג, איז אין אָפּיס געוואָרען נאָך ענגער ווי פריער. די נאַצ. עקזעקוטיוו באַשליסט, אַז די אָפּיס קאָמיטע זאָל נאָכזובען אַ פּאַסענדען האָום־ אָפּיס, אויסגעפינען אַלע איינצעלהייטען און ברענגען אַ גענויען באַ־ ריכט צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. לאַנג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די ניו־ יאָרק מוזיק־שולע האָט געבעטען, אַז מען זאָל זיי באַוויליגען אַ גע־ וויסע סומע צו דעקען זייערע הוצאות, וואָס באַטרעפען אַרום $1,200. ס'איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרען $150.

די נוארק דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך געווענדט, אַז מען זאָל שטיצען זייערע אַרטיגע קולטורעלע אַנשטאַלטען (דעם באָר, אָרקעסטער, און דראַמאַטיק קלוב). ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען פאַר זיי 50 דאָלער.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז עס זאָל ווערען געענדערט די אָרטאָגראַפיע פאַר'ן „פריינד", און עס זאָלען אַרויסגעוואָרפען ווערען די „ה", „א", „ע" דאָרט וואו די דאָזיגע בוכשטאַבען ווערען ניט אַרויסגערעדט.

אין דער פאַרוואַלטונג פון די לערער־קורסען זיינען באַשטימט געוואָרען י. לעווין, בורגין און י. ב. ביילין. פר. י. לעווין איז אויסגעוויילט געוואָרען אַלס פאַרוואַלטער פון די קורסען.

ס'איז געקויפט געוואָרען 30 טאָן פּאַפּיר פאַר'ן „פריינד" צו 4½ סענט אַ פונט.

אין ווילנא איז געעפענט געוואָרען אַ לערער־סעמינאַר אויפ'ן נאָמען פון אַרבעטער־רינג. זיי האָבען די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָ־ מיטע וועגען דעם געלאָזט וויסען.

די סאוט איסטערן דיסטריקט קאָמיטע האָט געבעטען צו שטיצען זיי מיט אַ געוויסע סומע, אום זיי זאָלען קענען דעקען דעם דעפּיציט פון די לעקציעס, וואָס מאַנכע ברענטשעס פון זייער דיסטריקט אַראַנ־ זשירען מיט וולאַדימיר מעדעם. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַ־ שלאָסען זיי צו ענטפערען, אַז מיר קענען ניט דעקען דעם דעפּיציט פון לעקציעס, וואָס ווערען אַרויסגעשיקט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. נאָר ס'איז באַשטימט געוואָרען פאַר זיי אַ בודזשעט פון $100, און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי אויפמערקזאַם צו מאַכען, אַז מיט אָט דער סומע האָבען זיי געקראָגען זייער חלק פון דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד פאַר זייער קולטורעלער אַרבעט.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען אַ צווייטע אַדרעסינג־ מאַשין פאַר'ן „פריינד" מיילינג דעפּאַרטמענט, אום צו קענען מאַכען אַלע פּלאַטען פון די קאָרעגירטע אַדרעסען, אַנשטאָט אַרויסצוגעבען די אַרבעט צו אַ קאָמפּאַניע, ווי די קאָמיטע האָט אָנפאַנגס געפּלאַנעוועט.

אויף די לערער־קורסען האָבען זיך פאַרשריבען 25 סטודענטען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשטימט צו ווענדען זיך צו דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" צו קריגען פּלאַץ פאַר דער אַרבעטער־ רינג שול־באַוועגונג.

אַ געמיינשאַפטליכער מיטינג צווישען דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס און נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען וועגען דער פראַגע פון עדיוקיישאָנאַל אַרבעט. ס'איז באַשטימט געוואָרען, אַז די פראַגע זאָל צו קיין רעפערענדום ניט געשיקט ווערען, נאָר סאַב־ קאָמיטעס פון ביידע קאָמיטעס זאָלען אויסאַרבעטען אַ פּלאַן ווי די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט זאָל אָנגעפירט ווערען סיסטעמאַטיש און האַר־ מאָניש.

---

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, פאָדערט אויף די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע צו האַנדלען וועגען די דעפּיציטען פון זייערע פאָנדס, און בכלל וועגען זייערע אויסגאַבען.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט דאַן גוט־ געהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע באַריכטעט, אַז אין בר. 52 איז געווען אַזאַ פאַל: זייערער אַ מיטגליד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש ניט אויסצוצאָלען איר די לאָקאַלע בענעפיט, וואָס דער ברענטש צאָלט. דער אָפּיס האָט זיך מיט דעם ברענטש וועגען דעם דורכגעשריבען אייניגע מאָל און זיי דערקלערט, אַז אַזוי לאַנג ווי די פריינדין האָט געקראָגען אויסגעצאָלט בענעפיט פון אָפּיס, איז זי אויך באַרעכטיגט צו דער לאָקאַלער בענעפיט. דער ברענטש האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אַנטזאַגט אויסצוצאָלען די לאָקאַלע בענע־ פיט, דערקלערענדיג, אַז זי איז ניט נאָכגעקומען די רולס פון זייערע לאָקאַלע ביי־לאָס. ווען אַ פאַרטרעטער פון דער בענעפיט קאָמיטע איז אַנוועזענד געווען ביים ברענטש־מיטינג צו אונטערזוכען די פראַ־ גע, האָט ער אויסגעפונען, אַז דער פריערדיגער סעקרעטער האָט צו־ געשיקט אין אָפּיס די סערטיפיקייטס, אָבוואָל דער ברענטש האָט אים באַאויפטראַגט צוצושיקען זיי צוזאַמען מיט אַ דערקלערונג פון ברענטש און אַנדייטען, אַז זי האָט זיך ערשט געמאָלדען צום ברענטש נאָך דער קראַנקהייט. און אַז דער ברענטש האָט זיך ערשט דערוואוסט וועגען איר קראַנקהייט נאָכדעם ווי זי איז געזונט געוואָרען און גע־ בראַכט די סערטיפיקייטס און סטייטמענטס צום מיטינג.

די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז די אַלגעמיינע בע־ נעפיט, וועלכע איז אויסגעצאָלט געוואָרען פאַר דער באַטרעפענדער פריינדין, איז ניט געווען קיין געזעצליכע; אַז מיר האָבען קרעדי־ טירט דעם ברענטש מיט די בענעפיט בלויז צוליב דער שולד פון זייער סעקרעטער, בלויז צוליב דעם וואָס מען האָט אַבזיכטליך אָדער ניט אַבזיכטליך ניט געלאָזט וויסען דעם אָפּיס וועגען דעם כאַראַקטער פון דער בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט דאַרום באַשלאָסען צו־ ריקצוציען אָט די אַלגעמיינע בענעפיט פאַר 6 וואָכען און שרייבען דעם ברענטש, אַז זיי קענען די סומע אויפמאָנען אָדער פון דער פריינדין, וועלכע האָט געקראָגען די אומגעזעצליכע בענעפיט, אָדער פון דעם געוועזענעם סעקרעטער, וועלכער האָט די זאַך פאַרנאַכלעסיגט.

די טויטען־בענעפיט פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם מיטגליד פון בר. 316 האָט די בענעפיט קאָמיטע באַשלאָסען אויסצוצאָלען, רעכענענדיג זיך מיט דעם סטייטמענט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. (זע רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע פון לעצטען מאָנאַטליכען מיטינג.)

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצושיקען אַ צושריפט צו די דיסטריקט קאָמיטעס פון די גרעסערע שטעט און אָנפרעגען זיי צי זיי האָבען אין זייערע שטעט האָספּיטאַלס, וועלכע זיי רעקאָמענדירען צו שטיצען פון דעם 5 טויזענט דאָלער פאָנד, וואָס איז פאַר דעם צוועק באַשטימט געוואָרען פון דער קאָנווענשאַן.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריווענס קאָמיטע

פר. קראַפּקאַ, טשערמאַן פון דער קאָמיטע באַריכטעט, אַז אַ מיט־ גליד פון בר. 563 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט $99.99 אין דער צייט ווען דער אַפּיל איז אויפ־ גענומען געוואָרען איז דערוויול דער ברענטש אויפגעלייזט געוואָרען. אויף אונזער אָנפראַגע וועגען דעם אַפּיל, האָט די ניו־בראַנזוויק דיס־ טריקט קאָמיטע געענטפערט, אַז דער ברענטש עקזיסטירט מער ניט, און פאָלגליך קען קיינער ניט קומען צו דעם מיטינג פון דער גריוועגס קאָמיטע צו געבען באַווייזען ווען דער אַפּיל וועט אויפגענומען ווערען. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען די האַנדלונג פון ברענטש צו־ ריקצואווייזען, ווייל די באַווייזען זיינען ניט געווען גענוגענד אים צו באַשטראָפען. די שטראָף פון $99.99 איז אויף אַזאַ אופן פון אים אַרונטערגענומען געוואָרען.

אַ מיטגליד פון אַטלאַנטאַ, דזשאָ., וועלכער האָט מיט אַ געוויסער צייט צוריק געהאַט אַ סכסוך מיט'ן ברענטש, האָט זיך לעצטענס גע־ ווענדעט, אַז מען זאָל אים טראַנספערירען אַלס מעמבער עט לאַרדזש, ווייל צוליב דעם פריערדיגען סכסוך קען ער מיט די מיטגלידער פון ברענטש ניט שטימען, און ער וויל אין דעם ברענטש מער ניט פאַר־ בלייבען. אַזוי ווי קיין אַנדער ברענטש איז אין אַטלאַנטאַ ניטאָ, האָט די גריוועגס קאָמיטע באַשלאָסען צו באַוויליגען זיין פאַרלאַנג, און שרייבען דעם ברענטש, אַז זיי זאָלען אים טראַנספערירען פון זייער ברענטש, און מיר וועלען אים שוין מאַכען אַלס מעמבער עט לאַרדזש.

אַ מיטגליד פון בר. 579 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים פון אַרבעטער־רינג, ווייל אַלס געוועזענער סעקרעטער האָט ער פאַרנומען געלדער פון ברענטש. די גריוועגס קאָמ. האָט די זאַך אונטערזוכט און האָט אויך דורך דעם אוידיטינג דעפּאַרטמענט פון אָפּיס פעסטגעשטעלט, אַז דער באַטרעפענדער האָט פאַרנומען ברענטש־געלדער. ס'איז אויך באַוויזען געוואָרען דורך דעם וואָס די באַנק קאָמפּאַניע האָט דעם ברענטש אויסגעצאָלט $161, וואָס האָט געפעלט אין דער צייט ווען יענער איז געווען סעקרעטער. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען די האַנדלונג פון ברענטש גוטצו־ הייסען.

אַ מיטגליד פון בר. 3 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטימען 50 פּראָצענט פון $700 פון זייערע רעליף־געלדער פאַר רוסישע רעליף. ער האָט געשטיצט זיין אַפּיל דאַרויף, וואָס דער

ברענטש האָט געמאַכט אַ ראַפּעל אונטערנעמונג, און אויף די ראַפּעל־טיקעטס איז געווען, אַז דאָס געלט וועט גיין פאַר די מלחמה קרבנות. אַ פאָרטרעטער פון ברענטש האָט דערקלערט, אַז די $700 זיינען ניט געזאַמעלט געוואָרען בלויז דורכ'ן ראַפּעל, נאָר אויך פון פרייוויליגעביישטייערונגען פון די מיטגלידער. זיי האָבען אויך אָנגעדייטעט, אַז דער באַשלוס פון ברענטש איז ניט אָוועקצוגעבען 50 פּראָצענט פאַר דעם אַלגעמיינעם רוסישען רעליף, נאָר צו זאַמלען אַ סומע ביז $1,000 און דאַן צעטיילען העלפט פאַר דעם אַלגעמיינעם רוסישען רעליף און העלפט פאַר דעם אידישען רעליף. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז די געלדער, וואָס דער ברענטש האָט געזאַמעלט דורכ'ן ראַפּעל פאַר'ן אידישען רעליף, זאָלען ניט באַנוצט ווערען פאַר קיין אַנדער רעליף, די איבעריגע געלדער האָט דער ברענטש אַ רעכט איינצוטיילען ווי ער געפינט פאַר פּאַסענד.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע ווערט דאַן גוט־געהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער נעקסטער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 9־טען אָקטאָבער.

פ. נעליעבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

# וועגען דער פאָרגעשלאָגענער „קאָמפּאַלסערי“ סיסטעם אין דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער־רינג

**אַ ווענדונג פון דווינסקער בונד, ברענטש 75, צו די אָנגעשלאָסענע ברענטשעס פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט**

לויט אַ באַשלוס פון דער לעצטער קאָנפערענץ פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, ליגט איצט פאַר זיינע אָנגעשלאָסענע ברענטשעס אַ פראַגע צו אַנטשיידען, אויב אין דעם דעפּאַרטמענט זאָל איינגעפירט ווערען אַ „קאָמפּאַלסערי“ סיסטעם, אָדער ניט, — דאָס הייסט, אויב אַלע מיטגלידער פון די אָנגעשלאָסענע ברענטשעס זאָלען זיין געצוואונגען צו באַלאַנגען צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, אָדער אַז קיין צוואַנג פאַר די וואָס ווילען ניט באַלאַנגען זאָל ניט איינגעפירט ווערען.

די איניציאַטאָרס פון דעם אַזוי־גערופענעם קאָמפּאַלסערי פאָרשלאַג האָבען פאַר אייך צוויי הויפּט־אַרגומענטען: ערשטענס — טענה'ן זיי — וועט מען מיט דעם שאַפען אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער פאַר דעם דעפּאַרטמענט, און צווייטענס, וועט מען פאַרלייכטערן די אַרבעט אין אָפיס פון דעפּאַרטמענט דערמיט, וואָס מען וועט שפּאָרען אומזיסטע אַרבעט פון אויסשרייבען און איינשרייבען אָט די וואָס ווילען ניט, אָדער וואָס האָבען חרטה און ווילען יאָ באַלאַנגען.

אין שייכות צו די דאָזיקע אַרגומענטען, גלויבען מיר, אַז יעדער ברענטש, וואָס דאַרף זאָגען זיין מיינונג אין דער פראַגע, מוז קודם כל פאַר זיך פעסטשטעלען, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז ניט געשאַפען געוואָרען צוליב דעם דעפּאַרטמענט גופא, נאָר פאַר דעם בענעפיט פון זיינע אָנגעשלאָסענע ברענטשעס און מיטגלידער, — און איינער פון די הויפּט־מאָטיוון, צוליב וועלכע מיר האָבען דעם דעפּאַרטמענט אָרגאַניזירט, איז געווען, כדי צו שאַפען פאַר די ברענטשעס אַזאַ לאַגע, אַז זיי זאָלען ניט מוזען צווינגען זייערע מיטגלידער צו צאָלען פאַר ברענטש דאָקטוירים אפילו דאַן, ווען זיי האָבען זייערע מעדיצינישע באַהאַנדלונגען ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט אָננעמען.

און ווייטער דאַרפען מיר נעמען אין אַכט פאָלגענדעס:

עס איז ריכטיק, אַז וואָס מער מיטגלידער עס וועלען זיין אָנגעשלאָסען אָן דעם דעפּאַרטמענט, אַלץ מער ערפאָלגרייך קען ער זיין. אָבער מיט דער „קאָמפּאַלסערי“ סיסטעם, שיינט אונז, אַז מיר קענען האָבען מער מעגלאַכקייטען די צאָל צו פאַרקלענערן איידער צו פאַרגרעסערן, ווייל אַנשטאָט טיילען פון ברענטשעס, וועלכע מיר קענען דורכדעם אַריינקריגען, קענען מיר זיין זיכער אַז גאַנצע ברענטשעס, אין וועלכע עס וועט זיך אָן ספק געפינען אַ שטאַרקע געגנערשאַפט צו דער צוואַנג־סיסטעם, וועלען מיר איבער דעם פאַרלירען.

און דערהויפּט דאַרפען מיר האָבען אין זינען, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז ניט קיין אינשורענס אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ פרייע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע פון אַ טייל אַרב. רינג ברענטשעס — בלויז מיט דעם ר ע כ ט פאַר יעדען פון זייערע מיטגלידער צו באַנוצען זיך מיט דער אינסטיטוציע, אויב ער וויל. קיין קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע וועט ניט געבויט מיט קיין נעדרעפּטעטע מיטגלידער, און דער ערפאָלג פון אַ קאָאָפּעראַטיווער אינסטיטוציע קען קיינמאָל ניט געשאַפען ווערען דורך קיין צוואַנגס־מעטאָדען. דאָס קען קומען בלויז דורך די נוצען פון דער אינסטיטוציע גופא, און דורך דעם פרייען פאַרשטאַנד פון די יעניגע, וועלכע ווייסען ווי די דאָזיקע נוצען אָפּצושאַצען.

אויב דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט וויל פאַרגרעסערן זיין מיטגלידערשאַפט, דאַרף ער דערצו בלויז אָנווענדען געוויסע אַגיטאַציאָנס־מעטאָדען. מיר דאַרפען אָננעמען אַלע מיטלען, כדי צו באַקענען דעם ברייטען עולם פון אַרב. רינג מיט דער וויכטיקייט פון דעם דעפּאַרטמענט. אָבער קיין צוואַנגס־מיטלען טאָרן מיר ניט אָננעמען, ווייל, ערשטענס, קענען מיר דאָס בכלל ניט טאָן, און צווייטענס, קען דאָס סיי־ווי ניט ברענגען קיין געווינשטע רעזולטאַטען.

עס איז דעריבער די איבערצייגונג פון אונזער ברענטש, אַז אין די אינטערעסען פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, וועלכן מיר האָבען געהאָלפען בויען, דאַרף דער „קאָמפּאַלסערי“־פאָרשלאַג פון אַלע ברענטשעס צוריקגעוויזן ווערען. מיר בעטען אייך דערום זיך גוט אַריינצוטראַכטען אין דער פראַגע. און פאַרגעסט ניט צו אינסטרואירען אייערע דעלעגאַטען צו דער נעקסטער קאָנפערענץ פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, צו שטימען ביי דער קאָנפערענץ געגען דעם דערמאָנטען פאָרשלאַג.

מיט אַרב. רינג גרוס,

דווינסקער בונד, ברענטש 75 אַרבעטער רינג.

ד. סיוויט, סעקרעטער.

---

## ענטפער פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אַ. ר. אויף דעם בריף פון ברענטש 75 וועגן דער פאָרגעשלאָגענער קאָמפּאַלסערי סיסטעם

עס איז אמת, אַז די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירן צו די ברענטשעס אָנצונעמען אַ קאָמפּאַלסערי סיסטעם און צו האָבען אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ פאַר דעם־צוועק. עס איז אָבער ניט אמת, אַז די צוויי הויפּט־אַרגומענטען פון די „איניציאַטאָרס“ זיינען צו פאַרגרעסערן די מיטגלידערשאַפט און צו פאַרבעסערן די אַרבעט אין אָפיס. דער גאַנצער בריף איז אַ פריצייטיקער. מ'גיט ענטפערס אויף אַרגומענטען, וועלכע זיינען קיינמאָל אָפיציעל ניט פאָרגעלייגט געוואָרען פאַר אירגנד וועמען. מיר ווייסען ניט, פון וואַנען האָט דער ברענטש גענומען, אַז דאָס זיינען די צוויי הויפּט־אַרגומענטען. אפשר זיינען גאָר פאַראַן מער? און אפשר זיינען גאָר די צוויי ניט די הויפּט? וואָרום ניט וואַרטען בעסער ביז די אַרגומענטען וועלן פאָרגעלייגט ווערן פאַר די ברענטשעס, און דאַן זיי פאַרענטפערן? מיר פאַרזיכערן, אַז די אַרגומענטען פאַר אַ קאָמפּאַלסערי סיסטעם זיינען פיל מער אין צאָל ווי צוויי, און פיל שטאַרקערע, ווי דער ברענטש שטעלט זיך פאָר. ניט דאָ, אָבער, ווילען מיר די דאָזיקע אַרגומענטען געבען. מיר ווילן נאָר אָנווייזן, אַז דער בריף פון ברענטש 75 אַנטהאַלט גאָרניט געגען אַ קאָמפּאַלסערי סיסטעם. די זאַכן, אויף וועלכע דער ברענטש שטעלט זיך אָפּ, זיינען, ערשטענס, — אַז איינע פון די הויפּט־מאָטיוון, צוליב וועלכע דער דעפּאַרטמענט האָט זיך געגרינדעט, איז געווען, אַז די מיטגלידער זאָלן ניט זיין געצוואונגען צו באַלאַנגען צום דאָקטער; צווייטענס, — אַז דער ערפאָלג פון אַ קאָאָפּעראַטיווער אינסטיטוציע קען קיינמאָל ניט געשאַפן ווערן דורך צוואַנגס־מעטאָדן; דריטענס, — אַז דאָס איז ניט קיין אינשורענס אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ פרייע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע; און לעצטענס, — פאַרזיכערט מען אונז, אַז אַ קאָמפּאַלסערי סיסטעם וועט פאַרקלענערן די מיטגלידערשאַפט אַנשטאָט זי צו פאַרגרעסערן.

ווי געזאָגט, גיבן מיר דאָ ניט קיין אַרגומענטן פאַר אַ קאָמפּאַלסערי סיסטעם, נאָר מיר באַגרענעצן זיך בלויז מיט אַן ענטפער צו די פאָר פראַגן. אויב דער הויפּט־מאָטיוו פאַר דער גרינדונג פון דעם דאָזיקן דעפּאַרטמענט איז געווען כדי מיטגלידער זאָלן ניט זיין געצוואונגען, הייסט דאָס, אַז מיט דעם וואָס די ברענטשעס האָבן יעצט

אַ מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, וועלכער צווינגט ניט די מיטגלידער צו באַלאַנגען, האָבן זיי זייער ציל דערגרייכט. מיר זאָגן אָבער, אַז ניין. דער ציל, פאַר וועלכן דער דעפּאַרטמענט האָט זיך געגרינדעט, איז נאָך ניט דערגרייכט. דער דעפּאַרטמענט זוכט ניט צו פאַרגרעסערן זיך בלויז אין דער מיגלידערשאַפט, נאָר אויך זיך צו פאַרברייטערן אין דער טעטיקייט און צו געבן די מיטגלידער פון די אָנגעשלאָסענע ברענטשעס אַלץ, אין וואָס זיי נייטיקן זיך אין צייט פון קראַנקהייט.

אַז אַ קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע קען קיין ערפאָלג ניט האָבן דורך צוואַנגס-מעטאָדן איז בלויז אַ סטייטמענט. עס ווערן ניט גע־געבן קיינע פאַקטן, אויף וועלכע אָט דער סטייטמענט ווערט באַזירט. דאָס איז אַ פראַגע, וועלכע לאָזט זיך דעבאַטירן און וועלכע מיר וועלן אָנרירן ווען עס וועט זיין נייטיק.

קיינער לייקנט ניט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז אַ פרייוו קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע. מיר זאָגן אָבער, אַז אונזער סיסטעם איז באַזירט און ווערט אָנגעפירט אויף אַן אינשורענס אופן, און מיר זעען ניט וואָרום דער ברענטש מאַכט אַזאַ שאַרפן אונטערשיד צווישן אינשורענס אָרגאַניזאַציע און פרייע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע. ביידע קענען זיך גאַנץ גוט לעזן צוזאַמען. עס איז אַ פרייע קאָאָפּע־ראַטיווע אינשורענס אָרגאַניזאַציע. אויך אָט די פראַגע לאָזט זיך דעבאַטירן, נאָר דאָס איז ווידער ניט דער פּלאַץ און די צייט דערפאַר. אויף דער פאַרזיכערונג פון דעם ברענטש, אַז די מיטגלידערשאַפט וועט דורך דעם פאַרקלענערט ווערן, קענען מיר ענטפערן, אַז די דאָ־זיקע פאַרזיכערונג איז אַזוי פּריציזיטיק ווי דער בריף אַליין. מיר זאָגן, אַז די מיטגלידערשאַפט וועט זיך גראָד פאַרגרעסערן און מיר קליימען אויך צו זיין אַזוינע גוטע נביאים ווי אירגנד ווער.

די אָנגעשלאָסענע ברענטשעס ווילן מיר בעטן דערווייל נאָך ניט צו נעמען קיין שטעלונג, ביז וואַנען אונזער דערקלערונג וועט אַרויס־געשיקט ווערן.

# טרויער רעזאָלוציעס

מיט טיפען טרויער באַדויערן מיר דעם טויט פון אונזער פריינד א. לעוו, געשטאָרבען זונטאַג דעם 12־טען יוני. מיט רירענדע שמערצען פילען מיר מיט זיין פרוי און קינדער און מיט זיין גאַנצער פאַמיליע פון זייער פארלוסט פון מאַן און פאַטער.

פר. לעוו האט געמאַכט די קאַלענדערס פאַר אַלע ברענטשעס. די ברענטשעס, וואָס זיינען נאָך שולדיג פאַר די קאַלענדערס, זאָלען צושיקען דאָס געלט צו זיין אלמנה, מרס. ב. לעוו. וואודרידזש, נ. י. דזש. מאַרקסאָן, סעק. בר. 77 א. ר.

מיט געבראָכענע הערצער און געבויגענע קעפּ שטייען מיר ביי דעם פרישען קבר פון אונזער טייערן און ליבען פריינד און חבר, י. ש. מערלין, און מיר דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע צו דער אלמנה מיט די יתומים.

מ. מערלין, סעק בר. 207 א. ר.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 175, דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטיע צו אונזער פר. דזש. גודמאַן אויף דעם פארלוסט פון זיין פרוי. ערע איר אנדענקען!

בען סילווערמאַן, סעקרעטאַר.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 175 א. ר. דריקען אויס אונזער מיטגעפיל און טרויער מיט אונזער פריינד א. קאַלינגער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין יונגען קינד. זאָל די צייט פארהיילען זיין וואונד. ב. סילווערמאַן, סעקר.

מיר באַדויערן פון טיפען הארצען דעם גרויסען אומגליק וואָס עס האָט געטראָפען מיט אונזער פריינד גליקסמאַנ'ס פרוי, וואָס איז געשטאָרבען אין אַלטער פון 25 יאָר דורך דערווערגען זיך מיט אַ ביין. זי האָט איבערגעלאָזט צוויי קינדער, אַ צווילינג, זיי זיינען 5 יאָר אַלט.

א. שולמאַן, סעק. בר. 633.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 192, פילען מיט און באַדויערן דעם פארלוסט פון דעם 11־יאָריגען זון פון אונזער פר. סעם ראַבינאָוויטש.

מ. קליין, סעק. בר. 192.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 483 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באַדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מיטגליד פר. א. סלוצקי. אונזער פולע סימפּאַטיע צו זיין יונ־גער אַלמנה און קינדער און אויך צו זיין גאַנצער משפחה.

סעם ראַפּאַלאַק, סעק. בר. 483 א. ר.

מיט צעשמעטערטע הערצער און געבויגענע קעפּ שטייען מיר, די מיטגלידער פון בר. 483 א. ר., איבער דעם פרישען קבר פון אונזער פר. משה טרילינסקי, וועלכער איז פון אונז אַזוי אומדער־וואַרטעט און פריצייטיג אַוועקגעריסען געוואָרען. אונזער וואונש און טרייסט צו דער פאַמיליע, אַז די צייט זאָל היילען זייערע וואונדען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען דורך אונזער אַלעמענס פארלוסט.

סעם ראַפּאַלאַק, סעק. בר. 483 א. ר.

מיר, די מיטגלידער פון יעקאַטערינאָסלאַווער בר. 236 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באַדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. און מיטגליד דזשייק דייוויס, געשטאָרבען אין עלטער פון 47 יאָר דעם 13־טען יולי. אונזער טיפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און זיין אַלטער מוטער, ברידער און שוועסטער. ערע זיין אנדענקען!

מ. ב. אַבראַמאָוויטש, ס. בערז, קאָם.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 116 א. ר., ניו־ראָשעל, נ. י., באַדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מיטגליד און פריינד יצחק ווייס, וועל־כער איז מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק געשטאָרבען אין לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום פאַר קאָנסאָמפּ־שיוואָס. ערע זיין אנדענקען!

ב. קאַנטאָר, סעקרעטאַר.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 18 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער צו אונזער מיטגליד און פריינד בעני דזשיימס פאַר זיין פריצייטיגען און פּלוצלונגען טויט.

ה. גאָלדשטיין, סעקרעטאַר.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 444 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען שמערץ און טרויער צו אונ־זער פריינד סיימאָן קאַפּלאַן אויף דעם פריצייי־טיגען טויט פון זיין געליבטער פרוי לאה. מיר ווינשען אים מער קיין צער ניט האָבען.

נ. לאַשינסקי, י. וו. גאָלדין, רעז. קאָם.

מיר דריקען אויס אונזער באַדויערן און שמערץ אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזערע ניט לאַנג פאַרשטאָרבענע פריינד, נ. פּישקין, דזשעני קאָהן און ל. באַראַדקין. מיר דריקען אויס טרייסט און סימפּאַטיע צו זייערע פאַרבליבענע פאַמיליעס. ערע זייער אנדענקען!

נייטען הייעט, רעק. סעק. מינסקער בר. 99 א.ר.

מיר באַדויערן זייער דעם פארלוסט פון אונזער פריינד א. גרינאַ, 35 יאָר אַלט. ער איז געווען איינער פון אונזערע טעטיגסטע מיטגלידער און איז געשטאָרבען דעם 26־טען אויגוסט, איבערלאָ־זענדיג אַ פרוי מיט אַ קינד פון 3 מאָנאַטען אַלט. ערע זיין אנדענקען!

ל. פּאָליאַק, סעק. בר. 251, פּראָווידענס.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 353 א. ר., דזולוטה, מינעסאָטאַ, דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינד נייטען פּאָלינסקי. אונזער טיפסטער מיטגעפיל צו זיינע צוויי קינדער און אויך צו זיין משפחה.

מאַקס קאַפּסאַן, סעק.

מיר, די מיטגלידער פון ראַדיקאַל סוירקל אָף קעפּמייקערס, בר. 72 א. ר., פאַרזאַמעלט דעם 17־טען סעפּטעמבער 1921 אין 210 5טע סטריט, דריקען אויס אונזער גרעסטען טרויער איבער דעם פריצייטיגען טויט פון פר. מייקעל אוסיאַסין. ערע זיין אנדענקען!

סאָלאָמאָן האַנדמאַן, רעק. סעק.

מיר דריקען אויס אונזער טיפען טרויער איבער דעם פארלוסט פון אונזער מיטגליד ס. בראַדסקי, געשטאָרבען דעם 21־טען אויגוסט. אונזער פאַר־שטאָרבענער פריינד איז געווען איינער פון די גרינדער פון בר. 4. ווען בר. 4 האָט געפייערט זיין 20־יעריגען יאָרעספעסט, האָט אונזער אומגליקלי־כער פריינד ניט געקענט בייוואוינען די שמחה צו־ליב דעם וואָס ער איז שוין דאַן געלעגען אַ צעקריי־פּעלטער מיט אָרונטערגעשניטענע פיס. מער ווי מיט אַ יאָר פאַר זיין טויט האָט ער שוין געהאַט די צווייטע פוס אויך פאַרלאָרען. אַזוי האָט זיך אונזער אומגליקליכער פריינד אָפּגעמוטשעט זיינע לעצטע יאָרען אין שרעקליכע יסורים. זיין איינ־ציגע טרייסט איז געווען וואָס ער האָט געהאַט אַזעלכע זעלטענע טרייע קינדער, וועלכע האָבען זיך מיט אים אָפּגעגעבען יעדע פרייע מינוט וואָס ער האָט געהאַט. ערע זיין אנדענקען!

בר. 4 א. ר.; דוד אשינסקי, סעק.

מיר, די מיטגלידער פון זאַמאָשטשער פּראָגרע־סיוו יאַנג מענס בר. 375 א. ר., דריקען אויס אונ־זער טיפסטען טרויער און מיטלייד צו אונזער פריינד סעמיועל באַססיאַר אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין 17־יעריגען זון טשאַרלי באַססיאַר.

סעמיועל אייזענטהאַל, סעק. בר. 375 א. ר.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 444 א. ר., באַ־דויערן פון טיפסטען הארצען און דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע צו אונזער פריינד איזידאָר רייף אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין ברודער סעם רייף. מיר האָפען אַז ער זאָל מער קיין צער ניט האָבען.

נ. ה. לאַשינסקי, סעק.

מיר באַדויערן דעם פארלוסט פון אונזער פריינד בעני לעווויט. מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיל צו זיין פרוי און קינד און פאַמיליע.

מאַקס וואַלדמאַן, האָספּיטאַלער, בר. 136 א. ר.

# יערליכער באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

(פאַר 1920 און 1921. אינסטאַלירט דעם 9־טן סעפּטעמבער 1920)

דעם 9־טן סעפּטעמבער זיינען מיר אינסטאַלירט געוואָרן. מיר האָבן באַלד געזען פאַר זיך אַ שווערן יאָר אַרבעט. סיי אין אָרגאַניזאַציע און סיי אין אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלאַכע אַרבעטן, ווי רעליף א. אַ. וו.

דער ווינטער האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען מיט אַרבעטסלאָזיקייט און סטרייקס. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט זיך גלייך אָפּגערופן אין די ברענטשעס. עס האָט דאָרט אָנגעפאַנגען צו ווערן טויטלאָך און די אַרבעט האָט ניט געקאָנט האָבן קיין ערפאָלג, הן אין דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט והן אין רעליף, וואָס דאָס איז כמעט דער עיקר אין אינזער אַרבעט. מיר, פון אונזער זייט, האָבן געטאָן דאָס בעסטע נאָך די אומשטענדן. ווי איר וועט זען, און מיר קענען זאָגן, אַז לויט די אומשטענדן איז אונז געלונגען צו האָבן, הגם נישט קיין גרויסן, אָבער דאָך ערפאָלג, און אַז מען וויל זיך גוט אַריינטראַכטן, הייסט עס, נאָך דער צייט נאָך, טאַקע אַ גרויסער ערפאָלג. דער פאַקט, אַז גרייטער נ. י. ברענטשעס האָבן אַריינגענומען געגן 5000 נייע מיטגלידער.

## אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט

מיר האָבן אָנגעפאַנגען דעם קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער מיט 3 גרויסע קאָנצערטן אין אַלע טיילן פון שטאָט. דעם 11־טן נאָוועמבער אין מאַנהעטען קופּער יוניאָן, דעם 19־טן נאָוועמבער אין בראָנזוויל לייבאָר ליסעאום, דעם 17טן דעצעמבער אין בראָנקס האָנטס פּאָינט פּאַלאַס. מיר האָבן גערופן מיטינגען פון די ברענטש באַאַמטע צו 50 ברענטשעס מיט אַמאָל. מיר האָבן געהאַט אַזעלכע 5 מיטינגען, טראָץ דעם וואָס מאַנכע פון די באַאַמטע זיינען נישט געקומען. אָבער אַ גרויסער פּראָצענט איז יאָ געווען. מיר האָבן זיך מיט זיי דורכגערעדט, און יעדערער האָט דערציילט די אַרט און ווייזע ווי זיי גייען אָן מיט דער אַרבעט. די שוואַכערע ברענטשעס האָבן זייער פיל געלערנט פון די מער טעטיקערע ברענטשעס.

## באַזוכט „סאָסייעטיס"

מיר האָבן פאַר דעם יאָר געגעבן אינפאָרמאַציע צו 19 „סאָסייעטיס", פון וועלכע מיר האָבן 10 ברענטשעס אינסטאַלירט. מיט מערערע שטייען מיר אין פאַרבינדונג און וועלן אין קורצן אינסטאַלירט ווערן אַלס ברענטשעס. און מאַנכע האָבן מיר אין גאַנצן צוריקגעוויזן פאַר נישט דעם פּאַסנדן עלעמענט פאַר דעם אַ. ר.

## באַזוכט ברענטשעס

מיר האָבן דעם יאָר באַזוכט 556 ברענטש־מיטינגען. ווי געוויינלאַך, זיינען אַנדערע ברענטשעס נישט אין גלענצענדע צושטענדן; עס פעלט ביי זיי די לעבעדיקייט, וואָס עס פאָדערט זיך אין אַ ברענטש פון דעם אַ. ר. מיר האָבן געטאָן אונזער בעסטעס צו העלפן זיי און געזען דעם ברענטש אויפצולעבן. אין איניגע איז עס אונז געלונגען, אָבער נישט אומעטום. די גאָר שוואַכע ברענטשעס, וואָס מיר האָבן נישט געזען קיין מעגלאַכקייט פאַר זיי צו עקזיסטירן, האָבן מיר פאַראייניקט מיט נאָך אַ ברענטש. אַזעלכע זיינען געווען 2 ברענטשעס: בר. 234 איז פאַראייניקט געוואָרן מיט בר. 854 און בר. 35 מיט בר. 25.

עס איז ווערט צו באַמערקן אַן אינטערעסאַנטן פאַל, וואָס מיר האָבן געהאַט אין איין ברענטש. אַ מיטגליד איז אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַר האָבן געאַרבעט פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישער פאַרטיי. עס איז געוואָרן אַ טומל אין ברענטש. געוויינלאַך האָט דאָך יעדער זיינע פּאַטריאָטן. מיר זיינען גלייך געווען אויפ'ן פּלאַץ און מיר האָבן געזען אַז דער ברענטש זאָל האַנדלען ווי עס פּאַסט פאַר אַ ברענטש פון אַ. ר. דער מיטגליד האָט געבעטן מען זאָל אים נישט אַרויסוואַרפן. ער האָט שטאַרק חרטה געהאַט און האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט נישט געוואוסט אַז ער דאַרף נישט טאָן אַזעלכע זאַכן. דער ברענטש האָט אים באַשטראָפט מיט 10 דאָלער און צוגענומען פון אים דאָס וואָרט פאַר 6 מאָנאַטן צייט, און פאַר דער צייט מוז ער זיין ביי יעדן מיטינג. אויב ער פעלט, דאַרף ער צאָלן 1 דאָלער שטראָף פאַר יעדן מיטינג. גראָד האָט דער מיטגליד אַ געוואוינהייט צו רעדן אין יעדער פראַגע. אַזוי ווי דער מיטגליד האָט שטאַרק חרטה געהאַט פאַר זיין טאַט און דערצו נאָך באַקומען אַ שווערע שטראָף, זיינען מיר געווען איינפאַרשטאַנען מיט דעם באַשלוס פון דעם ברענטש. מיר האָבן אָבער געשיקט קאָמיטעען צו יעדן מיטינג, צו זען אויב ער קומט נאָך די שטראָף.

די ברענטשעס זיינען באַזוכט געוואָרן ווי פאָלגט: 145 ברענטשעס צו איין מאָל; 45 ברענטשעס צו צוויי מאָל; 15 ברענטשעס צו דריי מאָל; 12 ברענטשעס צו פיר מאָל; 9 ברענטשעס צו זעקס מאָל; 8 ברענטשעס צו 8 מאָל; 4 ברענטשעס צו 10 מאָל; 2 ברענטשעס צו 12 מאָל.

## נייע ברענטשעס אינסטאַלירט

פאָלגענדע ברענטשעס האָבן מיר דעם יאָר אינסטאַלירט: סעפּט. 11 — שפּאַניאַלער אַלס בר. 653; אָקט. 21 — וויליאַמסבורג פּראָג. אַלס בר. 651; אָקט. 31 — יאַסער אַלס בר. 649; נאָוו. 21 — יאַדאָווער בר. 657; דעצ. 12 — מלאָווער בר. 656; מערץ 7 — דעבּס סירקל בר. 665; מערץ 6 — קאָלאָמייער בר. 528; אַפּריל 16 — וואַרשאָווער בר. 327; יוני 23 — באָברער בר. 374; אויג. 22 — שקורער בר. 535.

## נייע מיטגלידער

מיר האָבן אויפגענומען דעם רוף פון דער נאַצ. עקז. פאַר 100 טויזנט מיטגלידער ביז צו דער נעקסטער קאָנווענשן. מיר האָבן די פראַגע אויפגענומען אין אַלע ברענטשעס, וואָס מיר האָבן באַזוכט און געזען, אַז עס זאָל זיין ביי זיי אויף דער טאָג־אָרדענונג וועגן אַריינעמען נייע מיטגלידער, און אַ דאַנק די מיטגלידער און ברענטשעס פון ניו־יאָרק האָבן מיר אַריינגענומען 4980 נייע מיטגלידער. פאַר אַזאַ יאָר ווי לעצטן הייסט דאָס אַ גרויסער ערפאָלג.

## מלחמה קרבנות

מיר האָבן אין אַלע ברענטשעס, וואָס מיר האָבן באַזוכט אויפגעהויבן די פראַגע וועגן שטיצן אונזערע ליידנדע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים און מיר דענקען, אַז לויט די אומשטענדן וואָס עקזיסטירן יעצט איז אונזער אַרבעט ניט פאַרלוירן געגאַנגען, דען עס איז אַריינגעקומען פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס אַ גאַנץ שיינער חלק.

## סאָציאַליסטישע פאַרטיי

מיר האָבן די פראַגע פון דעם סאָציאַליסטישן קאַמפּיין אויפגעהויבן אין אַלע ברענטשעס, און אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער האָבן געטאָן אַלץ וואָס ס'איז אין זייערע כחות.

## אַרבעטער רינג היים

אויב עס איז איטיצער שולדיק, וואָס די גרעסטע שטאָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו דער אַ. ר. האָט כמעט אַ העלפט פון זיינע מיטגלידער, זאָל נישט האָבן קיין היים פאַר די מיטגלידער, זיי זאָלן קענען פאַרברענגען זייער לוידיקע צייט און נישט ברויכן צו גיין אין אַנדערע פלעצער, און אויך דער אָפיס זאָל זיין אַביסל שענער און באַקוועמער און זאָל נישט אויסקוקן ווי אַ תלמוד־תורה — אונזער שולד איז דאָס זיכער נישט. מיר האָבן אָנגעווענדט אַלץ וואָס ס'איז מעגלאַך, אָבער ליידער זיינען מאַנכע פון אונזערע טוער נישט פאַראינטערעסירט, אַז אַזאַ היים זאָל געשאַפן ווערן. עס בלייבט פאַר די ניו־יאָרקער ברענטשעס די פראַגע אויפצונעמען אין זייערע הענט און זען אַז אַזאַ היים זאָל געשאַפן ווערן.

## אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע

מיר האָבן די פראַגע פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע אויפגענומען ביי יעדן ברענטש, וואָס מיר האָבן באַזוכט. מיר האָבן די מיטגלידער אָנגעצייגט די נויטווענדיקייט פון שטיצן די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, און פיל ברענטשעס האָבן זיך שוין אָנגעשלאָסן, און מיט דער צייט וועט נישט זיין קיין ברענטש וואָס זאָל נישט באַלאַנגען צו דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע.

## מעדיקאַל דעפּאַרטמענט

מיר האָבן געהאַט אַ שטיקל צוזאַמענשטויס מיט דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט. פיל ברענטשעס האָבן זיך באַקלאָגט, אַז דער מעדיקאַל דעפּט. האָט נישט אויסגעפירט דעם באַשלוס פון זייער לעצטער קאָנפערענץ. מיר האָבן געדענקט, אַז טראָץ דעם וואָס דער מעדיקאַל דעפּט. איז אַ באַזונדערע אינסטיטוציע און האָט מיט דעם גענעראַל־אָפיס קיין פאַרבינדונג נישט, דענקען אָבער די מיטגלידער אַנדערש: זיי דענקען, אַז אַזוי לאַנג ווי עס איז דעם זעלבן אָפיס און איז פאַרבונדן מיט די ברענטשעס פון אַ. ר., באַלאַנגט עס צום גאַנצן אַ. ר., און ווען דער מעדיקאַל דעפּט. טוט עפּעס וואָס די ברענטשעס זיינען נישט צופרידן, באַשולדיקט מען דעם אַ. ר. אַלס אַ גאַנצן. מיר האָבן געשיקט אַ קאָמיטע צו זיי און זיי אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף. זיי האָבן אונז צוויי מאָל איגנאָרירט. עס איז פאַר אונז נישט פאַרבליבן עפּעס אַנדערש ווי צו רעפּאָרטן צו דער נאַצ. [illegible] גענומען אַ שטעלונג און האָט געצוואונגען דעם מעדיקאַל דעפּט. צו רופן אַ קאָנפערענץ און די דעלעגאַטן האָבן זיך ענטריסטיש אויסגעשפּראָכן געגן זייער האַנדלונג. מיר שטעלן אָט די פּאַסירונג אַריין אין אונזער רעפּאָרט כדי די מיטגלידער זאָלן וויסן, אַז אונזער קאָמיטע גיט זיך אָפּ נישט בלויז מיט אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט, נאָר מיט אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט אַ. ר. פראַגן.

מיר האָבן באַקומען מערערע איינלאַדונגען פון ברענטשעס, מיר זאָלן קומען צו זיי איינלייטן דיסקוסיעס איבער אַ. ר. פראַגן. מיר האָבן געהאַט עטלאַכע אַזעלכע דעבאַטן און מערערע מיטגלידער זיינען באַקאַנט געוואָרן מיט אַ. ר. פראַגן און פירונגען.

מיר האַלטן פאַר נייטיק אויפמערקזאַם צו מאַכן די מיטגלידער, אַז מיר האָבן פיל טראָבל פון מאַנכע סעקרעטאַרן, וואָס פאַרנאַכ[illegible] לעסיקן אַריינצושיקן אין אָפיס דעם דאַטום פון זייער מיטינג און דעם פּלאַץ וואו זי[illegible]

האַלטן אָפּ דעם מיטינג, ווען זוי בייטן דעם דאַטום פון מיטינג אָדער דעם מיטינג־לאָקאַל. מיר ווילן, פריינט, איר זאָלט פאַרשטיין ווי אַ מיטגליד פון אונזער קאָמיטע פילט ווען ער ווערט געשיקט צו אַ ברענטש, נאַטירלאַך אויף דער אַדרעס וואָס מיר האָבן אין אָפיס, און דער [illegible] אױס. אז דער [illegible] מיטעט שוין נישט אויף דעם פּלאַץ פאַר די לעצטע 6 מאָנאַטן.

מיר ווילן אייך אויך איבערגעבן, אַז מיר האָבן אין פיל ברענטשעס געהאַט טראָבל צוליב דער כיטי עדיוק. קאָם. מעהרערע ברענטשעס האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זיי האָבן זיך געווענדט צו דער ס[illegible] פאַר קרעפטן צו זייערע אונטערנעמונגען און די באַשטעלטע קרעפטן זיינען נישט געקומען. מאַנכע האָבן זיך פאַרזאַמלט מיט זייערע פאַמיליען און דער פאַרלעזער, אָדער זינגער, איז נישט געקומען. דאָס האָט אין געוויסע פאַלן געשטערט אונזער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט. נאָר יעצט, אַזוי ווי די לעצטע קאָנווענשן האָט באַשלאָסן, אַז די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט זאָל איבערגיין צו דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, האָפן מיר, אַז די נייע אָרג. קאָם. וועט מער קיין שטערונגען נישט האָבן און די ברענטשעס וועלן קענען אָנפירן זייערע אונטערנעמונגען אומגעשטערט.

פריינט, מיר האָבן אייך איבערגעגעבן אַלץ וואָס מיר האָבן געטאָן לעצטן יאָר און עס בלייבט פאַר אייך צו אורטיילן אויב די אַרבעט איז [illegible] דאַנקען די מיטגלידער און די ברענטשעס פאַר דעם צוטרויען וואָס זיי האָבן אונז געשענקט ביי יעדער געלעגנהייט וואָס מיר האָבן זיך צו זיי געווענדט. מיר דאַנקען דער נאַצ. אָרג. קאָם. און דער גאַנצער נאַצ. עקז. פאַר'ן העלפן אונז אָנפירן די אַרבעט.

מיר האָפן, אַז די ניי־ערוויילטע קאָמיטע וועט געפינען מיטלען און וועגן צו טאָן די אַרבעט פיליכט נאָך בעסער ווי מיר האָבן געטאָן און מאַכן דעם אַרבעטער רינג גרעסער און שענער, אַז דער אַ. ר. זאָל זיין דער שטאָלץ פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

א. לאַנגער, סעק.

## פון דער רעדאַקציע

עס זיינען אָנגעקומען אַ רייע רעזאָלוציעס וועגן דעם צושריפט פון בר. 620. זיי חזר'ן איבער די צוויי שטאַנדפונקטן, וואָס האָבן זיך שוין גענוג קלאָר געמאַכט אויף די שפּאַלטן פון „פריינד“. מיר געפינען נאָר פאַר נייטיק צו רעקאָרדן, אַז פאָלגענדע ברענטשעס האָבן אַריינגעשיקט רעזאָלוציעס אין דער פראַגע.

איינשטימיק מיט בר. 620 —

בר. 493, ניו־הייווען, ס. גענדעלמאַן, מ. ווינער, פרעס־קאָמיטע.

בר. 478, שיקאַגאָ, א. סאָלאָוו, דזשוליוס פיין, מייער בערסאָן, לואי קראַפט, רעז. קאָם.

בר. 450, רענווער, וו. גינצבורג, רעק. סעקרעטער.

בר. 516, שיקאַגאָ, רעזאָלוציאָנס־קאָם

בר. 519, שיקאַגאָ, ל. רובינשטיין, סעק.

עס פּראָטעסטירן געגן בר. 620 :

בר. 75, דווינסקער, ד. סאַוויט, סעקר.

בר. 186, סיו־סיטי, רעז. קאָם., פישעל חיסין, פ. סילווער.

ווייטערדיקע רעזאָלוציעס וועגן דער פראַגע וועלן אויך נאָר רעקאָרדעט ווערן, ווייל זיי חזר'ן זיך איבער פאַר און געגן.

## אַ דאַנק־בריף

(אַדרעסירט צו פר. י. באַסקין, גענ. סעקר. פון אַרבעטער־רינג)

טייערע ברידער און חברים:

דערלויבט אונז אויסצודריקן אונזער טיפע דאַנקבאַרקייט און געהעריקע אָפּשאַצונג פאַר אייער ברייטהאַרציקער ביישטייערונג פאַר אונזער זשורנאַל „מעסענדזשער“ און פאַר [illegible] פירט אָן אונטער דער פאָן פון ברידערלאַכקייט, אָן אונטערשיד פון ראַסע, קאָליר, רעליגיע און נאַציע, פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט.

דאָס איז באמת אַ קלאָרער באַווייז אויף די ברייטע מעגלאַכקייטן פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט.

ווי עס זאָלן נישט פאַרזוכן די פינסטערע כחות פון קאַפּיטאַליזם, וואָס האָבן נאָר אין זינען זייער רויבערישע עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג אַריינצוטראָגן שנאה און קנאה צווישן די פאַרשידענע ראַסן, ווייזן אָבער די אידישע אַרבעטער מיט זייער קומען צו הילף זייערע שוואַרצע ברידער אין אַ שלעכטער [illegible] פּראָלעטאַריאַט איז סוף־כל־סוף באַשטימט צו זיגן.

מיט דעם העלן, ברייטהאַרציקן אידעאַליזם פון אַרבעטער־רינג פאַרשפּרייט איבער די מאַסן פון גאַנץ אַמער[illegible] מעגלאַך געווען „טולזא“, וואו 900 נעגערס זיינען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן; געטראָטן און פאַרטיליקט געוואָרן אַזוי ווי ראַטן; וואו זייערע הייזער און האָב און גוטס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און אָפּגעווישט פון דער ערד. אַזאַ הימלשרייענדע רציחה וואָלט קיינמאָל נישט מעגלאַך געווען, ווען די אַרבעטער פון אַמעריקע וואָלטן פאַרשטאַנען, ווי איר פאַרשטייט, אַז ראַסן־מלחמות, אַזוי גוט ווי מלחמות צווישן נאַציאָנען, ווערן נאָר אויפגעגעבן [illegible] טערעסן פון דער עקספּלואַטאַטאָרישער אָליגאַרכיע.

אויב די אַמעריקאַנער אַרבעטער וואָלטן דאָס פאַרשטאַנען, וואָלטן אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי די קו־קלוקס־קלען, דער „אַמעריקאַנער לעגיאָן“, הענרי פאָרדס אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע א. אַ. וו. נישט עקזיסטירט.

דעריבער, חברים און פריינד, זאָלן מיר כסדר אָנהאַלטן אונזער פאָרווערטס־מאַרטש. אונזערע ראַסן האָבן ביידע גענוג געטרונקען פון דעם גיפטיקן כוס. אונזערע ביידע ראַסן האָבן זיך אויסגעליטערט אין דעם גיהנום פון האַס, פּיין און אונטערדריקונג פון דער אַלטער, אָפּשטאַרבנדער וועלט.

נעמט צו, ברידער, אונזער פאַרזיכערונג אויף ווייטער שטיין אין קאַמף ווי חברים.

די רעדאַקטאָרן פון „מעסענדזשער“:

אַ פיליפּ רענדאָלף און טשאַנדלער אָוען.

## בריף אין רעדאַקציע

חשוב'ע רעדאַקציע:

אין דעם נומער „פריינד“ פון סעפּט. 1921 איז געדרוקט אַן אַרטיקעל פון ש. ניגער, אין וועלכען עס ווערט אויך דערמאָנט מיין נאָמען אין פאַרבינדונג מיט היסטאָרישע באַאַרבעטונגען פאַר קינדער.

איך וויל דאָ בלויז פאַרריכטען אַ קליינעם טעות, וואָס הער ניגער האָט געמאַכט: דאָס ביכעל „יוסף און זיינע ברידער“, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרען פון פאַרלאַג „אידיש“, איז נישט מיינס און מיך וואונדערט וואָס דער קריטיקער איז געווען נישט פאַרזיכטיג גענוג אַ קוק צו טאָן אויף דעם שערבלעטעל און זען אַז מיין נאָמען איז אויף דעם ניטאָ.

מילא, שטאַנדפּונקטען קען הער ניגער האָבען די משונה'דיגסטע, ער מעג אַפילו זאָגען גלאַט אַזוי זיך, ניט פילענדיג זיך אַפילו פאַראַנטוואָרטליך צו ברענגען ביישפּילען, אַז מיין „שפּראַך איז אַ טרוקענע, כמעט אַ הילצערנע“. אויף דעם איז ער דאָך אַ קריטיקער ביי אידען! אָבער, צושרייבען מיר אַ פרעמד ביכעל און פילייכט פון דעם דרינגען אַז מיין שפּראַך איז אַ הילצערנע — דאָס איז שוין צו־פיל.

מיט גרוס,

אפרים אויערבאַך.

---

ווערטער רעדאַקטער פון „פריינד“, י. ב. ביילין:

אלס סעקרעטאר פון אַ ברענטש דערלויבט מיר אויסצודריקן מיין מיינונג וועגן צוויי פראַגן, וואָס זיינען בארירט געוואָרן פון איינינע מיטגלידער אין די לעצטע נומערן „פריינד“.

1. די פראַגע וועגן איינפירן אַ ברענטש דירעקטאָרי אין „פריינד“.

עס איז מיין מיינונג, אַז אַזאַ דירעקטאָרי וואָלט געמאַן פיל נוטעס. ערשטנס, וואָלטן די ברענטשעס געווען צופרידן, אַז עס זאָל זיי קאָסטן אַ קליינע סומע, לאָמיר זאָגן 50 סענט אַ מאָנאַט, אַז זייער נאָמען און אַדרעס זאָל זיין געדרוקט יעדן מאָנאַט. צווייטנס, וואָלט די בילדונגס קאָמיטע אַריינגעקראָגן אַ פּאָר הונדערט דאָלער אַ מאָנאַט, וועלכע וואָלטן צונוץ געקומען אויף פאַרבעסערן דעם „פריינד“. און דריטנס, וואָלט דער אָפיס געשפּאָרט פיל צייט און מי ניט דאַרפנדיק שיקן די ברענטשעס אַדרעסן צו די יעניגע, וועלכע פאַרלאַנגען עס.

2. וועגן דעם דעפיציט אין קאָנווענשן־פאָנד.

ווען איך האָב געלעזן דעם צושריפט פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, וואו זיי צייגן אָן אויף דעם גרויסן דעפיציט אין אָט דעם פאָנד און בעטן זיך ביי די ברענטשעס, אַז מען זאָל זען אַ מיטל ווי אַזוי מער דעם דעפיציט ניט צו פאַרגרעסערן, האָב איך געלאַכט צו זיך אליין. עס ציינט מיר אויס, אַז די עקזעקוטיוו וויל מאַכן שפּאַס אויף דעם רעכענונג פון די מיטגלידער.

דער בריף פון דער נאַציאָנאַלער באָרד און דירעקטאָרן, וואו זיי צייגן אָן, אַז לויט אַ געוויסן באַשלוס פון דער דעטראָיטער קאָנווענשן האָט די עקזעקוטיוו אַ רעכט צו רופן אַ ספּעציעלע קאָנווענשן, פון וועלכע זיי געפינען פאַר נייטיק, און [illegible] זיין נייטיק. טאָ ווער לאָזט ניט די עקזעקוטיוו צו רופן יעצט אַזאַ ספּעציעלע קאָנווענשן און באַשליסן אַז די קומענדע קאָנווענשן זאָל באַשטיין פון 25 דעלעגאַטן אָדער גאָר אָפּגעלייגט ווערן אויף אַ פּאָר יאָר?

איך שלאָג פאָר, אַז אַ ספּעציעלע קאָנווענשן זאָל גערופן ווערן און עפּעס זאָל געטאָן ווערן, אַז עס זאָלן ניט זיין אַזעלכע געשרייען פון די מיטגלידער: וואָס זיינען אַזעלכע גרויסע בילס!

דוד פרעסמאַן.

---

ווערטע רעדאַקציע פון „פריינד“:

איך בין אַ מיטגליד פון בר. 17, ניו־הייווען, קאָנ. אין יאָר 1912 בין איך געווען אַ פּאַציענט אין אונזער אַ. ר. סאַניטאַריום. ווען איך האָב געלעזן אין לעצטן יוני־יולי נומער „פריינד“ וועגן די „אויפט אַ [illegible] פון קאָנווענ[illegible] „אויסאַרבעטן אַ פּלאַן צו דער נעקסטער קאָנווענשן, ווי צו העלפן אונזערע עקס־פּאַציענטן פון סאַניטאַריום. און זיי זאָלן [illegible] צוריק אין די שעפּער א. אַ. וו.“ — האָב איך זיך דערמאָנט, אַז זייענדיק אַ פּאַציענט אין אונזער סאַניטאַריום אין יאָר 1912, האָב איך דעמאָלט אָנגעשריבן אַ ליפלעט וועגן דעם פּלאַן און האָב אויך אָנגעגעבן אַ פּלאַן ווי אַזוי די זאַך דורכצופירן, אַז אי די עקס־פּאַציענטן זאָלן ניט דאַרפן שווער אַרבעטן און אַז דער אַ. ר. זאָל דערביי גאָרנישט פאַרלירן, נאָר פיליכט געווינען.

דער ליפלעט מיט דעם פּלאַן איז אַזוי נעפעלן געווען די פּאַציענטן פון סאַניטאַריום, אַז זיי האָבן צווישן זיך געמאַכט אַ קאָלעקשן. מען האָט עס אָפּגעדרוקט און מען האָט עס פאַנאַנדערגעשיקט צו אַלע ברענטשעס פון אונזער אַ. ר.

נון, וויל איך דעם פּלאַן ווידערהאָלן, אפשר וועט ער געפעלן צו אונזערע ברידער און מיטגלידער פון אַ. ר. דער פּלאַן אין קורצן באַשטייט אין דעם:

1. אויסבויען אַ שו פעקטאָרי פאַר די עקס־פּאַציענטן פון אַ. ר. סאַניטאַריום.

2. אין יעדער שטאָט אָדער שטעטל, וואו עס איז דאָ אַ גענינגנדע צאָל מיטגלידער פון אַ. ר., זאָלן געעפנט ווערן שו סטאָרס, און יעדער מיטגליד זאָל זיין פאַרפּליכטעט אונטער אַ געלט־שטראָף צו קויפן נאָר די שיך פון אַ. ר. סטאָרס.

וואָרום גראָד אַ שו פעקטאָרי?

ערשטנס, ווייל שיך איז אַ זייער נאָנגבאַרער

ארטיקל: ווי ארעם אז ארבעטער זאל נים זיין, שיך מוז ער קויפן. צווייטנס, אנדערע ארטיקלן וועט א געזונטער מענש מורא האבן צו קויפן פון א פעקטארי, ווו עקס־פאציענטן ארבעטן, שיך אבער וועט ער קיין מורא נים האבן. דריטנס, ווי פאכלייט האבן מיר פארזיכערט, זיינען די פארדינסטן אויף שיך זייער גרויסע. פערטנס, די ארבעט אונטער סאניטארע אומשטענדן איז זייער פאסנד פאר עקס־פאציענטן, ווייל 1) שטויב, — אונטער סאניטארע אומשטענדן, מיט די נייטיקע מאשינען, — קאן לייכט פארמידן ווערן; 2) די ארבעט איז פיזיש נים שווער; 3) אונטער דער צעטיילונג פון דער ארבעט קען מען אזוי איינטיילן די ארבעט, אז די ערגערע קייסעס זאלן האבן גאנץ לייכטע ארבעט; 4) קאן מען אזא פעקטארי אויפבויען אירגענד־וואו אויף א פרייען, געזונטן פלאץ, אז די ארבעטער זאלן נים דארפן וואוינען אין די נעדריכט־באפעלקערטע שטעט, וואו זיי זאלן האבן פרישע לופט.

ש. י. באסמאן, בר. 17, ניו־הייווען, קאנ.

---

ווערטער פריינד רעדאקטער:

אין נאמען פון פראלעטארישן גייסט פון א. ר., דערלויבט מיר אויסצודריקן מיין ערנסטן פראטעסט נעגן דעם אומאונטערבראכן־שטייגנדן וואוקס פון די אסעסמענטס און טעקסעס. אין א צייט, ווען דער געשריי: „צוריק צו די נארמאלע פרייזן פון פאר דעם קריג" געפינט אן אפקלאנג אין אלע געביטן און צווייגן פון ווירטשאפטלאכן לעבן פון לאנד; ווען די געווינסנלאזסטע פראפיטירער ווערן געצוואונגען טיילווייז דורך דעם געזעץ, דער דורך מורא פאר דער עפנטלאכער פאראכטונג, צו פארקלענערן די פרייזן, אדער ווייניקסטנס זיך אפצוהאלטן פון טיפערע איינדרינגונגען אין ארבעטערס קעשענעס, ווערט דעם אידעאליסטיש־געבוירענעם און ראדיקאל־געהאדעוועטן א. ר. ניט איבערדריסיק די כראנישע העכערונג פון קווארטאל צו קווארטאל. און עס זעט זיך ניט די אינערלאכע אדער אויסערלאכע קראפט, וואס זאל זאגן עד פה אידעאליזם, וויפיל אומרעכטן ווערן באגאנגען אין דיין נאמען!

איך בין געשטאנען ביים וויגעלע פון א. ר. אלס איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון בר. 9, באלטימאר, אין 1901, אנפאנגענדיק מיט $1.94 אדער $2.00 א קווארטאל. איך האב אים געזען וואקסנדיק אין מאכט (אזוי די מאכט!) און וואס מער ער געווינט אין באנדס, סטאקס, שרימפט ער איין זיין נשמה, געשוואלענער ווערן די אסעסמענטס, אומדערטרעגלאכער און אומפארצייאלאכער די בילס. עס פילט זיך אז דאס הארץ מיט ביטערניש און שלאגט אפ אן אנטוישנדן שיין אויף דער נעפאר פון מאכט אפילו ביי ראדיקאלן אין די הענט. די פארדינסטן פאלן, אנדערע ווארפט מען אין גאנצן ארויס פון די פאבריקן, און די מאזנעבער פון אונזער מעכטיקן ארדן שוועבן נאך אין די וואלקנס פון די מלחמה־פארדינסטן, ווען מען האט נאך נעדארפט צאלן פאר „די פרוינדע דארט"

דריבער. איך קאן מיר פארשטעלן דעם סעקרעטאר, וואס מוז ארויסשיקן די פראגרעסירנדע בילס פארלירנדיק א טרער פון סימפאטיע ביז ער פארלירט זיך אין זיין גרויס מיטגעפיל.

פאול ראפאעל, ארלינגטאן.

פון דער רעדאקציע: ליידער פארגעסט פר. ראפאעל, אז פאר די לעצטע 20 יאר זיינען צוגעקומען א היבש ביסל אינסטיטוציעס אין א. ר. און אז דער דאלער פון 20 יאר צוריק איז יעצט כמעט א דריטל פון דעם, וואס ער איז געווען דעמאלט. אויף ווי ווייט עס איז באוואוסט דעם קאמישאנער און אינשורענס פון ניו־יארק סטייט, איז די פארוואלטונג פון א. ר. די עקאנאמישסטע און געזונטסטע.

---

ווערטער פר. רעדאקטער, י. ב. ביילין:

פר. א. לעוו, וואס האט געמאכט די קאלענדערס פאר אלע ברענטשעס פון א. ר., א מיטגליד פון בר. 11, איז געשטארבן דעם 12־טן יוני, 1921, איבערלאזנדיק א פרוי מיט קינדער, וועלכע מוזן זיך דערנערן פון דער זעלבער ארבעט פון זייער פארשטארבענעם מאן און פאטער.

דארום אפעלירן מיר דורך אייך, פריינד, צו אלע אונזערע ברענטשעס: איר זאלט זיי ניט פארגעסן און ארדערן דעם קאלענדער פאר 1922. מיט דעם וועט איר העלפן דער פרוי מיט די קינדער זיי זאלן ניט דארפן זיך ווענדן צו אייך נאך שטיצע. זייער פארלאנג איז, אז דורך זייער ארבעט זאלן זיי פארדינען זייער לעבן, און מיט דעם וואס איר וועט העלפן א פאמיליע, וועט איר אויך פון דעם האבן א גרויסן נוצן. איר שפארט צו שיקן צו יעדן מיטינג לעטערס, וואס דאס מיינט ארבעט און געלט. אויך איז דאס א גרויסער אדווערטייזענט פאר אייער ברענטש און פאר'ן גאנצן א. ר. יעדער פריינד ווייס די אדרעסן פון זיינע באאמטע.

מיר בעטן די ברענטשעס, וועלכע זיינען נאך שולדיק פאר די קאלענדערס פון לעצטן יאר, אין נאמען פון דער אלמנה, אז זיי זאלען זען איר צושיקן די שולדן, כדי זי זאל קענען ווייטער אנגיין מיט איר ארבעט.

אדרעסירט: מרס. ב. לעף, וואודרידזש, סאליוואן קאונטי, נ. י.

דזש. מארקסאן, פינ. סעק., בר. 77.

---

ווערטער רעדאקטער פון „פריינד":

איך בעט צו פארעפנטלאכן, אז מיר זיינען נעווען, צום באדויערן, געצוואונגען צו פארשליסן אונזער קאסע פאר 6 חדשים.

ס. רובין, סעק. בר. 250.

---

ווערטער פריינד רעדאקטער:

ביי אונזער לעצטן מיטינג פון דעם 3־טן אויגוסט איז באשלאסן געווארן צו פארמאכן אונזער קאסע פאר אויטסייד שטיצע ביז דעם 1־טן יאנואר 1922, און דארום זייט איר געבעטן דרוקן דאס אין נעקסטן נומ. „פריינד".

ל. ביימער, סעק., בר. 108.

---

## 20־יעריגער יובילעאום פון בר. 11

בר. 11 א. ר., עקזיסטירענדיג 20 יאר אלס ברענטש פון אונזער באליבטען רינג, האט געפייערט זיין יובילעאום מיט א באנקעט דעם 28־טען מאי, שבת נאכט. אונזער טאוסטמאסטער איז געווען אונזער באליבטער שיפליאקאף. רעדנער זיינען געווען: פר. בארנעט וואולף, פר. ד. פילווערמאן, פר. לעווין, פר. געללער פון דער עקזעקוטיוו איז אנוועזענד געווען. די פריינדע קרעמער און לאנגע, וועלכע האבען גערעדט מעניני דיומא. מיר באדויערן וואס פר. פיינענבוים, צו ליב זיין שוואכען געזונד, האט ניט געקענט זיין אנוועזענד, ווייל פיינענבוים איז דער גרינדער פון בר. 11. און מיר ווינשען אז פיינענבוים זאל אנוועזענד זיין צו אונזער 25־יעריגען יובילעאום.

די טעטיגקייט פון בר. 11 אין די 20 יאר צייט איז גענוג בלויז אנצוציינען אויף פאלגענדעם: דער בר. 11 איז דער גרינדער פון בראנזוויל לייבאר לייסעאום, האט געגרינדעט די בראנזוויל קאאפעראטיווע בעקעריי, האט געגרינדעט א לאון פאנד מיט א פארמעגען פון טויזענט דאלער פאר אירע מיטגלידער. בר. 11 האט א ספעציעלען בענעפיט פאר אירע קראנקע און שטיצט מיט אן אפענער האנט יעדע ראדיקאלע באוועגונג און יעדע טעטיגע אונטערנעמונג אין דער סאציאליסטישער פארטיי.

שאול גינצבורג, סעק.

---

## ברית־קאסטען

אליעזר, סט. פאול: אייער קארעספאנדענץ וועט אריין אין איינעם פון אונזערע נעקסטע נומערן.

בנימין פארענט: דאכזעלבע.

צו אלע ברענטשעס, וואס האבן אריינגעשיקט פראטעסט־רעזאלוציעס, וועמענס אינהאלט איז שוין איבערגעגעבן געווארן אין דעם פאריגען נומער „פריינד": — מיר וועלען נאר דרוקן אין נעקסטען נומער די נעמען פון די ברענטשעס און פארוואס די רעזאלוציע שטייט.

---

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST, 24, 1912, of The Friend, published monthly at Pasaic, N. J., for October 1, 1920.

State of New York, County of New York, SS:

Before me, a Commissioner of Deeds, in and for the State and county aforesaid, personally appeared Isreal B. Bailin, who, having been duly sworn according to law deposes and says that he is the Managing Editor of The Friend and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management (and if a daily paper, the circulation), etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, embodied in section 442, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are:

Publisher: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City

Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.

Managing Editor: I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. City.

Business Manager: Joseph Baskin, 175 E. Broadway, N. Y.

2. That the owners are' The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City, fraternal organization; no stockholders.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder and security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

Sworn to and subscribed before me this 30th day of September, 1921.

I. B. BAILIN.

(Seal) JULIUS EPSTEIN, Com. of Deeds.

(My commission expires Jan. 18, 1923.)

To the Postmaster:—Please give key number of all notifications pertaining to change of address

# FRIEND

# פריינד

אפיציעלער
ארגאן
פון
ארבייטער
רינג




אינהאלט:





DECEMBER, 1921

THE FRIEND
OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

דעצעמבער, 1921

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

L. ARKIN, Secretary National Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
11 Martha Place, Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# „קינדערלאַנד"

אַרויסגעגעבען מאָנאַטליך פון דעם עדיוקיישאָנאַל ־דעפּאַרטמענט פון אַ. ר., אונטער דער רעדאַקציע פון

**י. ב. ביילין, י. ל. דראַגוּנסקי און יעקב לעווין**

מיט דער מיטאַרבייטערשאַפט פון די בעסטע אידישע שרייבער און קינסטלער.

סובסקריפּציאָנס־פּרייז: יערליך—$1.50 ; האַלב־יערליך—80 סענט.

איינציגע קאָפּיעס וועלען זיך פאַרקויפען צו 15 סענט אַ קאָפּיע.

**ברענטשעס וואָס אָרדערען 10 קאָפּיעס קריגען 25 פּראָצענט ראַבאַט.**

---

# די פּאָגראָמען אין אוקראַינע

**פון פּראָפעסאָר איליא חפץ**

פּרייז 2.00. פאַר מיטגליד ער פון ארבעטער־רינג $1.25.

---

**זאָאָלאָגיע, פון דר. ב. האָפּמאַן (צביון) — פּרייז $3.50**

**אַריפמעטיק, פון ה. בורגין — פּרייז $3.00**

---

## ארבייטער רינג ביבליאָטעק

קוקט איבער דעם צעטל און זעט וואָס אייך פעלט.

1) די וועלט און די מענשהייט (געזאַמעלטע לעקציעס). אויספאַרקויפט.
2) גאַנץ אַמעריקא, פון פיליפּ קראַנץ. אויס־פאַרקויפט.
3) באָטאַניק, פון אַ. ש. זאַקס — — — — 40 ס.
4) היגיענע, פון דר. א. י. מעריסאָן — — 40 ס.
5) טרייד־יוניאָניזם, פון דר. ל. לעווין — — 40 ס.
6) סאָציאַליזם, פון דר. ח. זשיטלאָווסקי — 40 ס.
7) פיזיק, פון דר. אב. קאַספּע — — — — 40 ס.
8) אַסטראָנאָמיע, פון דר. ב. האָפּמאַן — אויספאַרק.
9) געאָלאָגיע (2 טייל), פון דר. אב. קאַספּע— 80 ס.
10) פּאָליטישע עקאָנאָמיע (2 טייל), פון אַ. ש. זאַקס. אויספאַרקויפט.
11) פּאָליטישע עקאָנאָמיע (3־טער טייל), פון אַ. ש. זאַקס — — — — — — — — $2.50
12) פיזיאָלאָגיע (3 טיילען), פון דר. א. י. מע־ריסאָן — — — — — — — — — $1.80
13) זאָאָלאָגיע, פון דר. ב. האָפּמאַן — — — $3.50
14) כעמיע, פון ס. פיינסטאָון — — — — $2.50
15) אַריפמעטיק, פון ה. בורגין — — — $3.00
16) די פיזישע ערציהונג פון קינד, פון ח. סאַלוצקי — — — — — — — — — $1.50
17) קאָאָפּעראַציע, פון א. סטאָלינסקי — — $1.50
18) קאַרל מארקס (ביאָגראַפיע) — — — — $1.00
19) די אידישע ארב.־רינג שולען, פון יעקב לעווין — — — — — — — — — — 20 ס.

**פאַר מיטגלידער פון אַרבייטער־רינג קאָסטען אַלע ביכער אַ העלפט.**

THE FRIEND



דער פריינד

Vol. XII. DECEMBER, 1921 No.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**[...]ן דער טיף [...]ן ב..ייט** עס איז פאראן א שטארקע טענדענץ איצט ביי אונז אין אָרדען אוועקצומאכען מיט'ן האנט יעדע פארשטארקטע אָרגאניזאציאָנס־ארבעט [...] פארגרעסערען די מיטגלידערשאפט פון אונזער אָרגאניזאציע. [...]ר הויפּט מאָטיוו איז, אז מיר האָבען שוין אזוי אויך אריינ־ [...]נומען אין אונזערע רייען א וואסערדיגען עלעמענט, וואָס [...]לעפּט אונז אוועק צו געפערליכע ברעגען. ווען מיר וועלען [...]ייננעמען נאָך עטליכע צענדליג טויזענט מיטגלידער וועט עס [...]ך מער פארבלייבען אונזער רויטליך־געזונטען קאָליר און דער [...] ר. וועט זיך קנאפּ־וואָס אונטערשיידען פון די אנדערע ביר־ [...]נרליכע אָרדענס.

[...]אָט די, געוויס גוט־מיינענדע, פריינד זיינען דאריבער פאר [...]ר אָפּשאפונג פון די מיטגלידערשאפט קאמפּיינס. זיי וואָלטען [...]נארבעט פאר דער פ א ר ט י פ ו נ ג פון דער אָרגאניזאציע, [...]אר דער ב י ל ד ו נ ג פון אונזערע מאסען, פאר דער פ א ר־ [...] ע ס ט י ג ו נ ג פון אונזערע פּרינציפּען, אָבער בשום אופן [...]שט פאר דער רעקרוטירונג פון נייע מיטגלידער.

[...]אָט דער שטאנדפּונקט ווי לאָגיש ער זאָל אוז נישט [...]ויסזען אויפ'ן ערשטען בליק, איז אָבער נאָר ט י י ל ו ו י י ז [...]מת. געוויס דארפען מיר ווידמען א גרויסען טייל פון אונזער [...]עטיגקייט, און אפשר טאקע דעם גרעסערען טייל, פאר דער [...]ארטיפונג און אויסבילדונג פון אונזערע מיטגלידער, פאר דער [...]ארפעסטיגונג און אָפּהיטונג פון אונזערע פּרינציפּען. . געוויס [...]ינען מיר אין שכנות מיט עלעמענטען, וואָס זיינען צו אונז נאָר [...] ו פ ע ל י ג געקומען און ביי דעם ערשטען צופאל וועלען זיי [...]רויספאלען ; עלעמענטען, וואָס זיינען איינגעקומען צו אונז [...]ורך די ספּעציעלע מיטגלידערשאפט־קאמפּיינס. געוויס דארף [...]יך אזא מין קאמפּיין נישט פארוואנדלען אין א ו ו י ל ד ע ן [...]יעג נאָך מיטגלידער, אין שלעפּען פאר די פּאָלעס אומגעווינש־ [...]ע עלעמענטען, אָדער ש ע ד ל י כ ע עלעמענטען. אָבער אונ־ [...]ערע אויבענדערמאָנטע פריינד פארגעסען זיך בשעת־מעשה אָט [...]אָס :

[...]אז אין יעדען לעבעדיגען אָרגאניזם קומט שטעריג פאר א [...]ראָצעס, אין וועלכען עס קומען צו נייע צעלען און עס פאלען [...] אַלטע. יעדער אָרגאניזם דארף עסען און אסימילירען אין [...]יך נייע צעלען פון אָרגאנישען לעבען. אויב ער קריגט זיי [...]ישט צו, אָדער אויב ער קריגט זיי צו נישט אין א גענוגענדער [...]אָס, איז עס אויפ'ן חשבון פון זיין א י י ג ע נ ע ם אָרגאניזם. [...]ער קערפּער עסט זיך א ל י י ן אויף און ווערט פארצערט, פאר־ [...]וכאָטעוועט און מוז סוף־כל־סוף שטארבען פון אויסצערונג און [...]לוט־אָרעמקייט.

[...]א קערפּערשאפט פון מענטשען, אן אָרגאניזאציע, איז אין [...]עם זינען דאָסזעלביגע ווי אן איינציגער קערפּער. זי האָט איר [...]טענדיגען אָפּפאל און מוז צוקריגען אין זיך נייע צעלען פון [...]עבען כדי אויסצופילען דעם פארלוסט און צו קענען זיך אנט־ [...]ויקלען גרעסער און שטארקער. קריגט זי נ י ש ט צו קיין [...]ייע צעלען, וואָס אסימילירען זיך אין איר, האָט זי נ א ר אן [...]פּפאל פון צעלען אליין, איז זיכער, אז אין א קורצער צייט [...]עט די קערפּערשאפט דערפאר טייער באצאָלען. זי וועט ווערען [...]פּגעצערט און שווינדזיכטיג און אנשטאט צו אנטוויקלען זיך [...]וייטער וועט זי דעגענערירען און פארשווינדען.

[...]אָט די אַלע פארוואסערטע און צופעליגע עלעמענטען, וואָס [...]ומען צו אונז אריין און קענען נישט אסימילירט ווערען אין [...]אונזער קערפּערשאפט, פאלען ממילא אָפּ, ביי דער ערשטער [...]עלעגענהייט. אָבער מיר זיינען זיכער, אז פיל פון די עלע־ [...]מענטען, וואָס מיר נעמען אריין אין אונזערע קאמפּיינס, בלייבען ביי אונז און אנדערע פון זיי שטעלען זיך אין סאמע פראָנט פון אונזער ארבעט. ווען מיר קריגען אריין דורך אן אָרגאניזאציאָנס־קאמפּיין נייע פינף טויזענט מיטגלידער, זיינען צווישען זיי פאראן א סך געווינטשטע און א סך אומגעווינטשטע. די אומ־געווינטשטע וועלען מיט דער צייט, אמת, ארויספאלען, דערפאר אָבער זיינען די געוואונטשענע א נעטער צואוואוקס און א ו ו י כ ט י ג ע ר צואוואוקס.

איבערהויפּט איז פון גרויס וויכטיגקייט אן ענערגישער מיטגלידערשאפט־קאמפּיין אין אזא יאָר ווי היינטיגען. דער קריזיס איז שווער, די ארבעטסלאָזיגקייט איז גרויס. מ'צעפּאָרט זיך, מ'פארבלאָנדזשעט אין פרעמדע קרייזען ; דער מענטשען־מאטעריאל ווערט איבערגרופּירט, איבערגעטאָשט און אין דעם פּראָצעס וואקסט די שטרייך־מגפה ווי אויף הייוועז. אויב מיר זאָלען נישט אָנשטרענגען אַלע אונזערע כחות אין דעם מיטגלי־דערשאפטס־קאמפּיין און אריינציען נייע טויזענטער מיטגלידער, וועלען מיר אין א געוויסער צייט ארום נישט האָבען וואָס צו פארטיפען, וועמען צו בילדען און פאר וועמען צו פארפעסטיגען די פּרינציפּען פון ארבעטער־רינג.

* * *

**א סיגנאל פאר אן איינהייטליכען פראָנט** אין דער וואקכאנאליע פון דער אָפּען־שאפּ באוועגונג, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעגאָסען איבער דער גאנ־צער לענג און ברייט פון אונזער „פרייער" רעפּובליק, האָבען זיך אויך מתקנא געווען „אונזערע" קלאוק־מאנופעקטשורערס. זיי, וועלכע שרייען ביז הייזעריגקייט וועגען דער הייליגקייט פון קאָנטראקטען, האָבען אַליין זייער קאָנטראקט מיט די פּיס צעטראָטען. זיי, וועלכע לייקענען שטענדיג שטיין און ביין די עקזיסטענץ פון קלאסען, דערקלערען יעצט אָפען, אז זייערע ארבעטער זיינען די צערשטערער פון דער „אינדוסטרי" (וואָס עס מיינט זייערע פעטע פּראָפיטען) ; זיי, וועלכע רוגז'ן זיך שטענדיג אויף דעם קלאסען־קאמף, אלס א באגריף וואָס איז אנטשטאנען אין דער פאנטאזיע פון ראדיקאלע אגיטאטאָרען, האָבען אַליין אנגעצונדען א בראנד־מלחמה.

די קלאוק־מאנופעקטשורערס וועט אזוי געלינגען איינצו־פירען צוריק דעם אמאָליגען סוועטינג־שאפּ סיסטעם, ווי עס קען זיי געלינגען אומצוקערען אויף צוריק די שטראָמיגע וואסערען פון האָדסאָן, וואו עס ליידיגט זיך אויס אין דעם אטלאנטיק. אונזערע קלאָוקמייקערס זיינען נישט נאָר געניטע וועטעראנען, וואָס האָבען געשמעקט פּולווער, נאָר פיליירט די קאמפּסלוסטיג־סטע ארמיי, וואָס די אמעריקאנער ארבעטערשאפט האָט פון זיך ארויסגעגעבען דורך איר גאנצער געשיכטע. דער רעזולטאט פון דעם קאמף קען נאָר זיין נאָך א מער צוזאמענגעהאמערטע איי־ניגקייט, נאָך א וויכטיגערע אָנזאמלונג פון ערפארונג און רע־וואָלוציאָנערע ענערגיע, נאָך א קלאָרערע אויסלייטערונג פון פּרינציפּיעלען קלאסענקאמף.

די אכציג־טויזענט־קעפּיגע ארמיי פון א. ר. וועט געוויס נישט בלייבען א גלייכגילטיגע צושויערין אין דעם קאמף. אויסער דעם וואָס אין אירע רייען זיינען פאראן טויזענטער סטריי־קענדע קלאָוקמאכער איז שטענדיג געווען דער קאמף פון דער אָרגאניזירטער ארבעטערשאפט אויך דער קאמף פון א. ר. מיר זיינען זיכער, אז אַלע אונזערע זיבען הונדערט ברענטשעס וועלען דערפילען זייער חוב אזוי שנעל ווי זיי וועלען ווערען צו דעם גע־רופען. די יעצטיגע געגען־אטאקע פון די קלאָוקמאכערס יוניאָן מוז דינען אלס סיגנאל צו אַלע אָרגאניזירטע ארבעטער אויסצו־האַמערען איין אָרגאניזירטען פראָנט געגען די אטאקעס פון דעם אַלגעמיינעם חוצפּה'דיגען און טיראנישען שונא.

**אין אַ גאָל־דענעם רעמעל**

דער גרעסטער טייל פון אונזערע ברענטשעס צייכענען זיך אויס, ווי מיר האָבען געקענט פון זיי דערוואַרטען, אויף דעם געביט פון דעם רעליף־קאַמפּיין פאַר די רוסישע הונגעריגע. צוויי ברענטשעס האָבען זיך אָבער געשטעלט אין דעם סאַמע אויבען־אָן פון אָט דער הייליגער אַרבעט. דער מאָהילעווער בר. 275 אין ניו־יאָרק איז געוועזען דער ערשטער, וואָס האָט גלייך אויף דער קאָנפערענץ אָנגעצונדען מיט באַגייסטערונג אַלע אַנוועזענדע, ווען זיין פאַרטרעטער האָט צוגעזאָגט אין זיין נאָמען, אַז זיי וועלען שאַפען נישט ווייניגער ווי 1000 דאָלער. בר. 275 איז טאַקע געוועזען פון די ערשטע, וואָס האָט אַזאַ באַדייטענדע סומע צוגעשיקט צו אָפיס און האָט זיך גלייך גענומען שאַפען נאָך 500 דאָלער. מיר האָבען געמיינט, אַז בר. 275 וועט שוין בלייבען דער איינציגער איבערראַשער אין דעם קאַמפּיין. ערשט מיר האָבען געקריגען פון אַ צווייטען ברענטש נאָך אַ גרעסערע איבערראַשונג. בר. 112 פון סקרענטאָן, פּאַ., האָט צוגעשיקט אין אָפיס צ וו י י ט ו י ז ע נ ט דאָלער פאַר דעם זעלבען צוועק און האָט געבראָכען אַלע רעקאָרדס. ווען אַלע ברענטשעס פון אַ. ר. וואָלטען געקענט נאָכטון דעם ביישפּיל פון בר. 112, וואָלטען מיר דאָך געקענט שאַפען אַ סומע פון אַרום איין און אַ האַלב מיליאָן דאָלער! מיר ווייסען אָבער, אַז נישט אַלע ברענטשעס קענען דאָס דערווייזען. עס זיינען פאַראַן פיל ברענטשעס, וועמעס מיטגלידער שטייען אין סטרייק און די באַשיידענע סומען וואָס זיי האָבען געגעבען זיינען אפשר, פאַרהעלטניסמעסיג, גרעסערע קרבנות ווי די וואָס עס האָבען געבראַכט אונזערע צוויי אויבענדערמאָנטע אויסגעצייכענטע ברענטשעס.

מיר ווייסען אָבער, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן אַ היבשע צאָל ברענטשעס, וואָס האָבען נאָך נישט דערפילט זייער חוב. מיר קענען זיך נישט צוגלויבען, אַז ד י ברענטשעס ווילען זיך אינגאַנצען באַפרייען פון דער אויפגאַבע און אַז זיי פאַרשטייען נישט די פולע באַדייטונג פון דעם וויכטיגען קאַמפּיין. מיר זיינען גיכער גענייגט צו גלויבען, אַז זיי האָבען זיך אביסעל פאַרשפּעטיגט.

אָבער אַפילו אַ פאַרשפּעטיגונג אין אַזאַ דרינגענדער אַרבעט איז אומפאַרצייליך. זיי וועלען דאָס נאָר קענען פאַרריכטען מיט אַ גלייכען צוטרעטען צו אַן ענערגישער אַרבעט.

* * *

**אַ סך־הכל פון צוויי יאָר אַרבעט**

נישט־לאַנג צוריק איז געוואָרען צוויי יאָר זינט עס האָט זיך אָרגאַניזירט דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פון אַ. ר. אין ניו־יאָרק. אַזאַ צייט איז גענוג כדי מיר זאָלען שוין קענען אונטערפירען אַ סך־הכל וועגען זיין צוועקמעסיגקייט און אַנטוויקלונגס־מעגליכקייטען. מ'קען שוין מיט מער באַשטימטקייט רעדען וועגען ערפאָלג אָדער דורכפאַל.

עס איז גענוג צו באַקענען זיך נאָר מיט עטליכע ציפערען אום צו איבערצייגען זיך, אַז דער דעפּאַרטמענט איז אַן ערפאָלג. דער צאָל פון די וואָס האָבען זיך פאַר דער צייט באַנוצט מיט דיסטריקט דאָקטוירים דערגרייכט אין די טויזענטער. דאָס געלט, וואָס איז דערביי געשפּאָרט געוואָרען פון די אָנגעשלאָסענע מיטגלידער, דערגרייכט אין די צענדליגער טויזענטער דאָלערס. די ראָלע וואָס דער דעפּאַרטמענט האָט גלייך אין אָנפאַנג פון זיין אַנטשטיין געשפּילט אין דער אינפלוענציע־מגפה פון פאַר צוויי יאָרען, וועט אַזוי גיך נישט פאַרגעסען ווערען. פאַר דעם לעצטען יאָר איז נאָך אָרגאַניזירט געוואָרען דער ספּעציאַליסטען־דעפּאַרטמענט. פאַר עפּעס מער ווי אַ יאָר זיינען דורך דעם לעצטען דעפּאַרטמענט אַליין דורכגעגאַנגען 2,500 וויזיטען צו ספּעציאַליסטען אין פאַרבינדונג מיט ערנסטע קראַנקהייטען, וואו די עצה און קוראַציע פון ספּעציאַליסטען איז אומבאַדינגט נייטיג. דער גרעסטער טייל פון די ספּעציאַליסטען זיינען פאַרבונדען מיט באַקאַנטע האָספּיטאַלס און אַ באַדייטענדע צאָל ערנסטע אָבער געלונגענע אָפּעראַציעס זיינען דורך זיי געמאַכט געוואָרען.

אינטערעסאַנט איז, וואָס מיט דעם ספּעציאַליסטען דעפּאַרטמענט האָבען זיך באַנוצט אויך אַ. ר. מיטגלידער פון אַנדערע שטעט, וואָס קענען דאָך נישט זיין אָנגעשלאָסען אָן דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט און פיל פון זיי, ערנסטע קראַנקע, זיינען דורך דעם דעפּאַרטמענט געהיילט געוואָרען.

דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט מאַכט יעצט אַן עקספּערימענט מיט „דיסטריקט־דראָג־סטאָרס", וואו די אָנגעשלאָסענע מיטגלידער באַקומען „פּרעסקריפּשאָנס" פאַר 35 סענט. די פּראָבע איז נאָך ערשט יעצט געמאַכט געוואָרען און מ'קען נאָך דעריבער נישט ציען קיין שלוסען וועגען דעם. עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דעפּאַרטמענט. ער שטעלט זיך נישט אָפּ ביי דעם וואָס ער האָט אָנגעהויבען. ער זוכט אַלץ נייע וועגען ווי אַזוי זיך אויסצושפּרייטען און אויסצוברייטען און ווי אַזוי צו שפּאָרען געלט, אויף אַ קאָאָפּעראַטיווען אופן פאַר אַלע אָנגעשלאָסענע מיטגלידער. ער פאַרהאַנדעלט יעצט וועגען פאַרשידענע נייע פּלענער, צווישען זיי אויך וועגען אַן אייגענעם דענטאַל־קליניק און וועגען אַ דיאַגנאָז־קליניק פאַר די מיטגלידער. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע אונטערנעמונגען קענען נאָר געמאַכט ווערען, ווען אַלע צוויי הונדערט און פופציג ברענטשעס פון אַ. ר. אין ניו־יאָרק מיט זייערע 40 טויזענט מיטגלידער וועלען זיך אָנשליסען אָן דעם דעפּאַרטמענט.

דערווייל זיינען נאָר אָנגעשלאָסען 200 ברענטשעס מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 15 טויזענט. ווען מ'פאַרגלייכט דאָס מיט די 80 ברענטשעס, וואָס האָבען אייגענטליך געגרינדעט דעם דעפּאַרטמענט מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 7 טויזענט, האָט די אינסטיטוציע דורכגעמאַכט אַ באַדייטענדע אַנטוויקלונג אויך אין באַצוג צו דער מיטגלידערשאַפט. אָבער דער פאַקט, וואָס אַזוי־פיל ברענטשעס און מיטגלידער זיינען נאָך נישט אָנגעשלאָסען, ווייזט, אַז אונזער עולם אין ניו־יאָרק איז נאָך זייער ווייניג באַקאַנט מיט די באַדייטענדע אויפטואונגען פון דער נייער אָבער וויכטיגער אינסטיטוציע.

* * *

**דער יובילעאום פון בר. 99**

לעצטען מאָנאַט האָט איינער פון אונזערע וויכטיגסטע ברענטשעס, מינסקער בר. 99, געפייערט דורך אַ גראַנדיעזער אונטערנעמונג זיין 15־יעריגען יובילעאום. אין אַ. ר. זיינען פאַראַן אַ היבשע צאָל ברענטשעס, וואָס זיינען רייך אין אויפטואונגען און אין מיטגלידער. בר. 99 פאַרנעמט אָבער צווישען זיי איינעם פון די וויכטיגסטע פּלעצער. ער איז פאַר זיין גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ געוועזען טעטיג אויף אַלע אַ. ר. געביטען און שטענדיג געקאָכט מיט אונטערנעמונגס־גייסט און אַקטיוויטעט. אין די רעליף־קאַמפּיינס, אַזוי גוט ווי אין סטרייקס, אין דעם אָפּרופען זיך אויף אַפּילס פון אַנדערע אַ. ר. ברענטשעס, אָדער אין זיין הילף פאַר אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, האָט ער בסדר אַרויסגעוויזען די ברייטהאַרציגקייט און באַוואוסטזיניגקייט פון זיין מיטגלידערשאַפט.

נישט קיין וואונדער דעריבער, וואָס דער ברענטש האָט צוגעשטעלט פון זיין מיטגלידערשאַפט אַ רייע אַלגעמיין־וויכטיגע אַ. ר. טוער, וואָס האָבען געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע אין דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג פון אַ. ר.

מיר צווייפלען נישט, אַז דער ברענטש וועט אויף זיין ווייטערדיגען וועג אויסנייען נאָך אַ סך העלע שטערען אין זיין שיינער פאָן.

* * *

עס איז שוין אַזוי גוט ווי זיכער, אַז די וואַשינגטאָנער אַנטוואָפנונגס־קאָנפערענץ וועט סוף־כל־סוף באַשליסען זיך מער צו באַוואָפנען.

* * *

ווען באַלפור וואָלט געוועזען נישט קיין „דעקלאַראַציע־איד", נאָר אַן אמת'ער איד, וואָלט ער געקענט ענטפערן בריאַנען, אויף זיין סאַרקאַסטישער באַמערקונג, אַז ענגלאַנד דאַרף האָבען איר פּלאַץ צו כאַפּען סאַרדינען — און פראַנקרייך דאַרף אויסהאַלטען איר האַלבען מיליאָניגען ביקסען־וואַלד צו שפּילען זיך אום ל"ג בעומר! . . .

* * *

פון אַלע רעזאָלוציעס, וואָס דערשיינען אין דעם נומער געגען יערליכע קאָנווענשאָנס, וועלען מיר היי־יאָר דאָך האָבען אַ קאָנווענשאָן און דערצו אין אַ „פּרעמדער מדינה".

* * *

אויך די ווייטע סאַן־פראַנציסקאָ האָט שוין געעפענט אַן אַ. ר. שולע. דאָס איז א ו נ ז ע ר ענטפער אויף דער „פּאַסיפישער" פּראָבלעם . . .

* * *

דער נאָמען „פּאַסיפיק" פּאַסט זיך אַזוי צו דעם גרויסען אָקעאַן, ווי דער נאָמען ג מ ל י א ל צו האָרדינגען און א ל י ה ן צו רוט'ן.

# וואָס איז די א. ר. שול-וואָך?

די נאַציאָנאַלע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון א. ר. האָט באַשטימט די וואָך פון 25-טען דעצעמבער ביז דעם אָנהייב פון נייעם יאָר אַלס די א. ר. שול-וואָך. אין דער וואָך וועלען אין אַלע באַדייטענדע שטעט, וואו עס זיינען נאָר פאַראַן א. ר. שולען, דורכגעפירט ווערען אַ רייע מאַססענפאַרזאַמלונגען, וואו עס וועלען דערקלערט ווערען די אויפגאַבען און צילען פון די אַרבעטער-רינג שולען, קאָנצערטען, מיט דער באַטייליגונג פון די קינדער פון אונזערע שולען, אויסשטעלונגען פון די בעסערע אַרבעטען פון אונזערע קינדער, קאָנטעסטען פון די פעאיגערע קינ-דער אויפ'ן געביט פון דעבאַטען, ריידען, פאַרלעזען, זינגען, שפּילען און צייכענען.

## באַזוכט די אונטערנעמונגען פון דער שול-וואָך!

יעדער א. ר. מיטגליד וועט פיל לערנען און הנאה האָבען פון די אונטערנעמונגען. ער וועט זיך איבערצייגען וואָס פאַר אַ וויכטיגע אַרבעט עס פירט אָן דער אַרבעטער-רינג אויף דעם געביט פון דערציען אונזערע קינדער, אַז זיי זאָלען פאַרשטיין אונזער שפּראַך, וויסען אונזער געשיכטע, און זיי זאָלען דערנעענטערט ווערען צו אונזערע שענסטע אידעאַלען.

### אייער קינד אין דער א. ר. שולע!

אויב אין אייער שטאָט געפינט זיך אַן א. ר. שולע, זעט אַז אייערע קינדער זאָלען דאָרט לערנען. עס איז פאַר זיי אויפגעבויט געוואָרען. עס ווערט פאַר זיי אויפגעהאַלטען. עס קאָסט נישט פיל, אָבער די רעזולטאַטען זיינען ווערט זייער פיל.

### דער נייער דור מוז זיין אונזערער!

קיין זאַך דאַרף פאַר אונז נישט שווער זיין, אַז דער נייער דור, וואָס וואַקסט אויף צווישען אונז, זאָל זיין אונזערער, זאָל פאַרזעצען אונזער אַרבעט, זאָל אָנהאַלטען אונזער קאַמף פאַר אַ גערעכטערער און שענערער וועלט.

# דערפרייט דאָס האַרץ פון אייער קינד!

## גיט אים אַ שיינע און נוצליכע מתנה צום נייעם יאָר!

אייער קינד וואַקסט אונטער און זיינע געשמאַקען בייטען זיך. דאָס ביסעל שפּילצייג, וואָס איר האָט אים געקענט קויפען און מיט וועלכע ער האָט זיך שוין גע-שפּילט און געשפּילט צענדליגער מאָל, זיינען אים שוין דערעסען געוואָרען. זיין מוח'ל אַרבעט און זוכט און פרעגט. אמת, ער גייט אין פּאַבליק-סקול. אָבער דאָרט קריגט ער אינגאַנצען אַנדערע ענטפערס אויף זיינע פראַגען ווי די, וועלכע איר גיט אים, אָדער ווי די, וועלכע איר האָט אים געדאַרפט געבען. ער ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער פאַרפרעמדט פון אייך, אַלץ מער דערווייטערט.

## „קינדערלאַנד"

איז אַ מאָנאַטליכער אילוסטרירטער זשורנאַל, ספּעציעל אַרויסגעגעבען פון דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאַלער קאָ-מיטע פון א. ר. פאַר אונזערע קינדער. קען אייער קינד אַליין לעזען אידיש — איז געוויס גוט. שרייבט עס אויס פאַר אים און ער וועט דאָס לעזען. ער וועט ווערען ביסלאַכווייז אַריינגעצויגען אויך אין אייער געדאַנקען-וועלט. ער וועט זיך דאָרט ביסלאַכווייז באַקענען מיט אַ נייער מאָראַל, מיט אַ שיינער ליטעראַטור, מיט'ן אַר-בעטער-לעבען און וועט ווערען פאַרבונדען מיט דעם לעבען און טעטיגקייט פון אַנדערע אַרבעטער-קינדער אין אַנדערע שטעט.

### לעזט פאַר אים פאָר!

אויב אייער קינד קען נאָך ניט לעזען אידיש, קענט איר פאַר אים פאַרלעזען פון דאָרטען מעשיות, לידער, וויצען, רעטענישען, ביאָגראַפיעס, שפּילען, פאַסירונגען — אַלץ זאַכען וואָס וועלען אים שטאַרק אינטערעסירען און דערפרייען זיין האַרץ.

### אייער סעקרעטאַר האָט אַ נומער

כדי איר זאָל קענען זען ווי אַ נומער „קינדערלאַנד" זעט אויס, בעט ביי אייער סעקרעטאַר פון בראַנטש און ער וועט אייך אים ווייזען. איר וועט זיך איבערצייגען, אַז דאָס איז די שענסטע מתנה, וואָס איר קענט אייער קינד געבען צום נייעם יאָר.

סובסקריפּשאָן-פּרייז איז $1.50 יערליך. האַלב-יערליך 80 סענט.

שרייבט וועגען דעם צו

Educational Department Workmen's Circle
175 E. Broadway New York City

# אָבערשלעזיען — אַ וועלט-פּראָבלעם

פון ד ר. א. ח פ ץ

דעם 20־טען אָקטאָבער האָט מען איבערגעגעבען דייטשלאַנד דעם באַשלוס פון פעלקער־ליג איבער אָבערשלעזיען; גאַנץ דייטשלאַנד, אָן אויסנאַם פון פּאַרטיי און ריכטונג, האָט מיט דער גרעסטער אומגעדולד ערוואַרט דעם באַשלוס, וועלכער באַרירט דעם לעבענסנערוו פון דער דייטשער רעפּובליק.

דער שיקזאַל פון דער באַזינגטער און דערנידעריגטער אין ווערסאַל דורך די אַנטאַנטישע זיגער איז טראַגיש צונויפגעבונדען מיט אָבערשלעזיען; די לעצטע איז געווען די דייטשע לעצטע האָפענונג, מיט אַנשטרענגונג פון אַלע קרעפטען פון פאָלק און לאַנד צוגדייטען די מעגליכקייט צו ליקווידירען די פאָלגען פון דער מלחמה־מפּלה און צוריק אויפשטעלען די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען פון לאַנד.

אין דער פראַגע פון אָבערשלעזיען האָבען די עליים געשפּילט מיט דייטשלאַנד אין קאַץ און מויז; — פון פּאָליטישדיפּלאָמאַטישען שטאַנדפּונקט איז דאָס שפּיל זייער לעכערליך.

לויט די ערשטע באַדינגונגען, וואָס די עליים האָבען פאָרגעלייגט דייטשלאַנד, האָט אָבערשלעזיען געדאַרפט איבערגעגעבען ווערען צו פּוילען, ווייל די באַזיגער האָבען געהאַלטען, אַז די אָבערשלעזישע באַפעלקערונג באַשטייט גרעסטענטיילס פון פּאָליאַקען, און דאַרום מוז זי, שטיצענדיג זיך אויף ווילסאָנס פּרינציפּען און פּונקטען, איבערגעגעבען ווערען צו פּראַנקרייכס ליבלינג. דייטשלאַנד איז ניט שווער געווען צו איבערצייגען די עקספּערטען פון די פאַרבונדענע מלוכות, אַז עס איז ניט ריכטיג, און דאַרום זיינען אויפגענומען געוואָרען אין אַנטגילטיגען שלום־פּאָרטראַג באַשטימונגען, אַז דער שיקזאַל פון אָבערשלעזיען וועט באַשטימט ווערען דורך אַ פאָלקס־אָפּשטימונג. פראַנקרייך איז געווען זיכער, אַז די אָפּשטימונג וועט זיין גינסטיג פאַר פּוילען, און דאַן וואָלטען די עליים מיט גרוים פאַרגעניגען אָפּגעגעבען דאָס גאַנצע געביט פּוילען.

די אָפּשטימונג פון 20־טען מערץ האָט אָבער באַוויזען גאָר אַנדערע רעזולטאַטען: אין גאַנצען טייל פון אָבערשלעזיען, וואו דער פּלעביסציט איז פאָרגעקומען, זיינען באַדייטענד מער שטימען אָפּגעגעבען געוואָרען פאַר דייטשלאַנד, ווי פאַר פּוילען (לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק זיינען פאַר דייטשלאַנד אָפּגעגעבען געוואָרען 709,340 שטימען און פאַר פּוילען 479,747 — ד. ה. דייטשלאַנד האָט געקראָגען 60 פּראָצענט און פּוילען בלויז 40 פּראָצענט), ניט קוקענדיג אויף דעם טעראָר, וועלכען פּוילען האָט אויסגעאיבט אין אָבערשלעזיען פאַר און אין דער צייט פון פּלעביסציט.

נאָך אַזאַ ניט־געלונגענער אָפּשטימונג, האָט פראַנקרייך אַלץ לענגער און לענגער פאַרצויגען דעם אַנטגילטיגען באַשלוס פון אויבערשטען ראַט וועגען אָבערשלעזיען; זי האָט געזוכט אַ פּאַסענדען פּאָליטישען מאָמענט אום אַנטגילטיג צו דערשטיקען דייטשלאַנד. ענגלאַנדס פּאָליטיק איז געווען אַ צווייזייטיגע — אויסערליך האָט לאָיד דזשאָרדזש געהאַלטען מער מיט דייטשלאַנד, נאָכדעם ווי די לעצטע האָט אָנגענומען דעם לאָנדאָנער אולטימאַטום וועגען דער אומגעהייער גרויסער קאָנטריבוציע; פּאַקטיש אָבער איז די פראַגע ניט געגאַנגען ווייטער פון דיפּלאָמאַטישע געשפּרעכען. ניט קומענדיג צו אַ באַשטימטען רעזולטאַט, האָבען די אַנטאַנטישע פירער באַשלאָסען איבערצוגעבען די פּראָבלעם דעם פעלקערבונד. עס איז נאַטירליך פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז דער פעלקערבונד איז אַ צווייטע אויפלאַגע פון די עליים, און אַז זייער באַשלוס איז ניט אַנדערש ווי די מיינונג פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, אָדער אַ קאָמפּראָמיס צווישען ביידע. דער פעלקערבונד וועט קיינמאָל ניט וואַגען אַרויסצוטראָגען די מיינונג געגען איינעם פון די צוויי הויפּט־באָסעס זיינע.

און פּאַקטיש זעען מיר, אַז אין דער פראַגע האָט פראַנקרייך געזיגט. פּוילען קריגט אַ וויכטיגען טייל פון אינדוסטריעלען געביט, וועלכער ווערט מעכאַניש צעשניטען אויף צוויי טיילען.

אין וואָס באַשטייט די וויכטיגקייט פון אָבערשלעזיען?

די אינדוסטריעלע באַדייטונג פון דעם געביט שטיצט זיך אויף איר רייכטום: ערשטענס, מיט שטיינקוילען, און צווייטענס, מיט צינק־ערץ; נאָך איר קוואַנטום צינק פאַרנעמט אָבערשלעזיען דעם ערשטען אָרט אין אייראָפּע; וואָס אָנבאַלאַנגט אין שטיינקוילען, איז גענוג צו זאָגען, אַז אין לעצטען יאָר פאַר דער מלחמה, 1913, האָט אָבערשלעזיען געליפערט 45 מיליאָן טאָן קוילען. אום צו פאַרגלייכען, ווילען מיר דאָ באַמערקען, אַז אין דעם זעלבען יאָר האָבען אַלע קוילען־גרובען פון רוסלאַנד, אַריינגערעכענט דעם דאָמבראָווער ראַיאָן, געליווערט בלויז 26 מיליאָן טאָן.

לויט דעם באַשלוס פון פעלקערבונד באַקומט פּוילען אַן איבערוויגענד־וויכטיגען טייל פון געביט; צו איר גייען איבער די ראַיאָנען פּלעס, רייבניק, אַ טייל פון ראַטיבאָרער בעצירק — מיט מערערע גרויסע שטעט, ווי טאַרנאָוויץ, קאַטאָוויץ, לובליניץ און אַנדערע. כאַראַקטעריסטיש, אַז אין טאַרנאָוויץ זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 7,51 שטימען פאַר דייטשלאַנד און 1,297 פאַר פּוילען, אין לובליניץ פאַר דייטשלאַנד 2,580, און פאַר פּוילען בלויז 351 שטימען.

די ראַיאָנען פּלעס און רייבניק זיינען נאָך נישט אויף אַזוי פיל אינדוסטריאַליזירט, ווי דאָס גאַנצע געביט; זיי שטעלען מיט זיך פאַר דעם רעזערוו פון די אינדוסטריעלע און איבערהויפּט פון די פּראָדוקציאָנס־קרעפטען פון גאַנץ אָבערשלעזיען. די קוילענגרובען פון פּלעס און רייבניק זיינען די מעכטיגסטע אין געביט און די רייכסטע פון גאַנצען פּויליש־שלעזיש־גאַליציאַנישען קוילען־ראַיאָן.

דערצו קומט נאָך פאָלגענדער פאַקט: דאָס מעכאַנישע צעשניידען פון געביט רואינירט אָבערשלעזיען אינגאַנצען. איינער פון די עקספּערטען פון פעלקערבונד האָט ריכטיג כאַראַקטעריזירט אָבערשלעזיען אויפ'ן פאָלגענדען אופן: „דאָס איז ניט אַ לאַנד, נאָר אַ אומגעהייער גרויסע ווערקשטוב פון אַ פאַבריק, וואו אין פאַרשידענע ווינקלען ווערען באַאַרבעט איין און דאָסזעלביגע רוימאַטעריאַל מיט פאַרשידענע טיילען פון אַ זייער קאָמפּליצירטער מאַשין; אַלע ווערקצייג אין מאַשינען אין דער ווערקשטוב ווערען באַוואויגען דורך איין קראַפטקוואַל, און די ווערקשטוב גופא ווערט באַלויכטען דורך איין ליכטשטראָם. אַזאַ ווערקשטוב קען ניט צעטיילט ווערען דורך אַ שטיינערנער וואַנט צווישען צוויי אייגענטימער.“ דער משל פון עקספּערט איז פאַקטיש ריכטיג: אַלע שטעט פון אָבערשלעזיען שליסען זיך דירעקט אָן איינע צו דער צווייטער, זיי זיינען צווישען זיך פאַרבונדען דורך עלעקטרישע טראַמווייען; די וואַסערלייטונגען פון איינינע שטעט, אַזוי אויך ווי די עלעקטרישע באַלייכטונג, ווערען געפיטערט פון איין קוואַל. דאָס זעלבע אין אינדוסטריעלער הינזיכט. די צינק־גרובען בלייבען ביי דייטשלאַנד; אָבער דערפאַר געפינען זיך די פאַבריקען, וועלכע באַאַרבעטען דעם צינק, אַזוי אויך ווי די ספּעציעלע זאָרטען קוילען, וועלכע זיינען נייטיג צו אַזאַ באַאַרבעטונג, אין רשות פון פּוילען. אויסערדעם, זיינען די פאַבריקען אין דעם געביט אַזוי איינגעריכט, אַז זיי בילדען איין טעכנישען און ווירטשאַפטליכען קרייז: אייזען־ערץ, קוילען און רויער צינק גייען דורך אַ גאַנצע ריי פאַבריקען, ביז וואַנען זיי ווערען אַנטגילטיג פאַרטיג און פאָלקאָם אויסגענוצט; אין דעם קרייז פון בערגווערקען, גרובען, מעטאַל־פאַבריקען זיינען איינגעשלאָסען בריקעט, קאָקס און אַנדערע פאַבריקען, ווי אַזעלכע וואָס אַרבעטען אויס שוועבעל־זויערע, אַנילין־פאַרבען, מאַרטעאָסוואָפען, וואַגאָנען פאַבריקען, און אַזעלכע וואָס בויען טיילען פאַר בריקען. צעטיילען אָבערשלעזיען באַדייט: אין גאַנצער פאַרדאַרבען אַ זעלטען־טייערע, קאָמפּליצירטע מאַשין, אָן האָפענונג ווען ניט איז זי צוריק צו רעפּאַרירען.

באַגרייפענדיג, אַז זי צושניידט אַ לעבעדיגען אָרגאַניזם, באַפעלט די פעלקער־ליג ביידע לענדער, פּוילען און דייטשלאַנד, זיך צונויפצורעדען וועגען אָרגאַניזירען דאָס עקאָנאָמישע לעבען

אין אבערשלעזיען. פאר ניט פאלגען סטראשעט דער פעלקערבונד מיט שטראף.

פון דעם, וואס מיר האבען שוין געזאגט, איז צו באגרייפען, אז עס איז אומענדליך שווער צו ארגאניזירען דאס לעבען אין אן ארגאניזם, וועלכען מען האט מעכאניש צעשפאלטען אויף העלפט; אויסערדעם, ווייסען מיר דאך היינטיגען טאג, אז מורא האבען פאר שטראף דארף נאר דאס שטיפקינד פון ליג, דייטשלאנד, אבער ניט פוילען. שוין מערערע מאל האט פוילען ניט געפאלגט דעם פעלקערבונד: ביים ארגאניזירען אויפשטאנדען אין אבערשלעזיען דורך קארפאנטי, ביים פארנעמען ווילנע דורך די פארטיזאנישע טרופען פון גענעראל זשעליגאווסקי, און פונדעסטוועגען איז זי גאנץ רואיג געווען, אז דער צארן פון דער ליג וועט איר ניט דערגרייכען, איר באשיצער, פראנקרייך, וועט דאך ניט צולאזען, אז עפעס זאל פאסירען מיט זיין ליבלינג. אין די אונטערהאנדלונגען איז פוילענס לאגע בעסער, אומגעהייער בעסער, זי קריגט דאך א געשאנק, און וואס ארט איר, אז דייטשלאנד גייט אויס פון פארגיסונג איר לעבענסבלוט דורך דעם לעצטען שניט. פאר דייטשלאנד איז אבער די לאגע טראגיש. לויט די אויסרעכענונגען פון דעם דייטשען עקאנאמיסט, ריכארד קאלווער, ווערט איצט אין דייטשלאנד ערווארבען אין אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט פיל ווייניגער ווי די העלפט פון דעם פאר'מלחמה'דיגען ערווערב . . . אומגעפער 16 מיליארד גאלדמארק; דייטשלאנדס נאציאנאל־רייכטום ווערט אפגעשאצט צו היינטיגען טאג, נאכדעם ווי זי האט פארלארען אירע קאלאניעס, אומגעפער 100 מיליארד מארק; — אין דער זעלבער צייט איז דער מלוכה־חוב אויסגעוואקסען ביז 250 מיליאנען מארק, און די קאנטריבוציע, וועלכע דייטשלאנד האט צו צאלען, איז גלייך 132 מיליארד מארק. אויב די פראנצויזען און ענגלענדער וואלטען געוואלט היינטיגען טאג קריגען אלץ, וואס זיי רעכענען ארויסצושלאגען פון דייטשלאנד, וואלטען זיי געדארפט אריינלייגען צו זיך אין קעשענע גאנץ דייטשלאנד. דאס קענען זיי ניט; זיי ווילען ארויסשלאגען די קאנטריבוציע פון דער פראדוקציע פון דייטשען ארבעטער. דייטשלאנד קען צאלען נאר מיט רוישטאפען און ארבעט; אבער, ווען מען נעמט פון דייטשלאנד אפ א גרויסען טייל פון איר רוישטאף, פון קוילען און אייזען, און מען רואינירט נאך א גרעסערען טייל פון איר אינדוסטריעלער ווירטשאפט, דעמאלט ווערט דייטשלאנד ניט פייאיג צו צאלען, זי איז באנקראט: דאס הייסט, אויס געשעפט און אינגאנצען רואינירט.

די רואנירונג פון דייטשלאנד און איר באנקראט וועט מיט זיך מיטציען די אנדערע שכנים; עס איז קלאר, אז אן צענטראל־אייראפע קען אייראפע ניט קומען פאר־מלחמה שטאנד; די אויפבויאונג פון פראנקרייך, וועלכע דארף ערפאלגען דורך דייטשען קאפיטאל און דייטשע ארבעט, וועט ניט קענען דערגרייכט ווערען. פראנקרייך האט דערגרייכט איר פאליטישען ציל: זי שטייט אליין ביים רהיין, און איז גרייט צו יעדען מאמענט דייטשלאנד צו כאפען ביים גארגעל, און איר געטרייער קנעכט, פוילען, איז איצט דער בעל־הבית אויף דער מזרח־גרענעץ. אבער, עקאנאמיש וועט פראנקרייך אויך, פריער אדער שפעטער, אריינגעצויגען ווערען אין דעם עלענד, אין וועלכען זי האט אריינגעבראכט דייטשלאנד אין ווערסאל.

אבערשלעזיען שטייט היינטיגען אין צענטער ניט נאר פון דער אייראפעאישער, נאר פון דער גאנצער וועלט־קאניוקטור.

בעסער ווי אלע האט עס פארשטאנען די בערזשע; דער דייטשער מארק איז קאטאסטראפיש געפאלען — מיט איניגע חדשים צוריק האט מען פאר אן אמעריקאנער דאלער געגעבען 100—105 מארק; צום 20־טען אקטאבער האט מען פאר א דאלער געגעבען 197 מארק, ד. ה. אז אויף דער וועלט־בערזשע וועט דער דייטשער פאפיר־מארק קוואטירט פאר צוויי פעניג. אזוי נידעריג איז דער דייטשער מארק ניט געשטאנען אפילו אין דער צייט פון דער מיליטערישער נידערלאגע. מיט אנדערע ווערטער, אזא פיינפילענדער באראמעטער, ווי די בערזשע, האט דערקלערט די לעצטע לייזונג פון דער אבערשלעזישער פראבלעם דורכ'ן פעלקער־בונד פאר א גרעסערער נידערלאגע פאר דייטשלאנד, איידער נאוועמבער 1918.

דאס פאלען פון דער דייטשער וואליוטע מאכט שוין היינטיגען טאג אוממעגליך פאר דייטשלאנד דעם האנדעל מיט די הויך־אינדוסטריעלע לענדער, ווי ענגלאנד און אמעריקע; דייטשלאנד איז שוין היינט ניט פייאיג אריינצופירען רוימאטעריאלען; און אמעריקע ווייסט ווי וויכטיג עס איז פאר די פאראייניגטע שטאטען, אין היינטיגען קריזיס, ארויסצופירען סחורות, אום אנצוהייבען ווידער צו פראדוצירען . . . מיר קומען צו א פאר'כשופ'טען קרייז, וועלכער איז צוזאמענגעשלאסען דורך דעם לעצטען טריט פון פעלקערבונד — ד. ה. פון פראנקרייך.

דער עקאנאמישער קריזיס, דער קאטאסטראפישער שטורץ פונ'ם דייטשען מארק, האט מיט זיך געבראכט אויך א פאליטישען קריזיס; דעם 22־טען אקטאבער האט דער דייטשער קאבינעט מיט דעם רייכסקאנצלער דר. ווירט אן דער שפיצע דעמיסיאנירט.

מיט פינף חדשים צוריק, ווען די עליים האבען געשטעלט זייער לאנדאנער אולטימאטום, לויט וועלכען דייטשלאנד האט געמוזט נעמען אויף זיך די אומגעהייער גרויסע קאנטריבוציע פון 132 מיליארד מארק, האט זיך געבילדעט ווירט'ס קאבינעט, וועלכער האט אונטערגע'חתמ'עט דעם וועקסעל אויף דער נאר וואס אנגערופענער אסטראנאמישער ציפער; ווירט'ס קאבינעט האט אין זיין אויסערליכער פאליטיק געשטעלט דעם לאזונג: ערליך ערפילען אלע דייטשע התחייבות'ן, לויט דעם ווערסאלער פארטראג; דער מיניסטער פאר רעקאנסטרוקציע, דער בארימטער גרויס־אינדוסטריעלער ראטענוי, האט אפגעהאלטען מערערע קאנפערענצען מיט דעם פראנצויזישען מיניסטער לוישער אין וויסבאדען, אויף וועלכע עס איז אויסגעארבעט געווארען א גאנצע פראגראם פון אויפבוי פון די צעשטערטע ראיאנען פון פראנקרייך דורך דייטשען קאפיטאל און ארבעט. אום צו האבען די מעגליכקייט אויסצוצאלען די קאנטריבוציע, האט ווירט'ס קאבינעט אריינגעטראגען אין דייטשען פארלאמענט א פראיעקט וועגען שטייערן און אפצאלונגען, לויט וועלכען עס ווערען שטארק צוגעצויגען אויך דער גרויס־קאפיטאל און גרונד־באזיץ.

ערליך האט זיך די דייטשע רעגירונג געגרייט צו טראגען אלע קאנסעקווענצען, וועלכע די אומגליקליכע מלחמה האט אויף איר געבראכט. זי איז געווען זיכער, אז די עליים, רעכענענדיג זיך, ניט מיט יושר, נאר מיט זייערע ריין עגאאיסטישע אינטערעסען, וועט ניט וועלען אינגאנצען רואינירען דייטשלאנד. זי האט געהאלטען די עליים פאר אן אויסגערעכענטען מלוה — אבער זי האט זיך פאררעכענט — פאליטישע מאטיווען האבען מיט זיך בארעקט די עקאנאמישע אויסגערעכענטקייט.

אין זיין שרייבען צום רייכס־פרעזידענט, אין וועלכען ער דערקלערט די דימיסיע פון קאבינעט, באמערקט דר. ווירט: אזוי ווי דער קאבינעט איז היינטיגען טאג איבערצייגט, אזוי ווי פריער, אז נאר דאס אויפריכטיגע שטרעבען פון אלע טיילען צו דערפילען די התחייבות'ן פון שלום־פארטראג, וועט מעגליך מאכען די פאליטישע און ווירטשאפטליכע צוריקשטעלונג פון אייראפע, איז דאך אבער קלאר פאר אים, אז דורך דעם באשלוס וועגען אבערשלעזיען האט זיך די לייסטונגס־פייאיגקייט און די דערפילונגס־מעגליכקייט פאר'ן דייטשען פאלק זייער פארענגערט.

ווי עס שיינט, וועט דער נייער קאבינעט ווידער האבען אלס זיין הויפט — דר. ווירט. דייטשלאנד וועט דורך איר פארטרעטער אויף דער ווירטשאפטליכער קאנפערענץ מיט פוילען פרואווען רעטען פון דער אבערשלעזישער ווירטשאפט דאס, וואס איז נאר מעגליך.

אויב דער פאליטישער שגעון וועט ניט געוועלטיגט ווערען, דעמאלט זעט אויס טונקעל, זייער טונקעל די נאענטע פערספעקטיווען, ניט נאר פון דייטשלאנד, נאר פון גאנץ אייראפע.

---

האט שוין אייער סעקרעטאר אייך געוויזען דעם נייעם בוך, וואס די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט ערשט ארויסגעגעבען — די געשיכטע פון די פאגראמען אין אוקראינע?

* * *

פארגעסט אים שוין נישט אין איין וועג צו בעטען ער זאל אייך ווייזען א נומער „קינדערלאנד“. אייערע קינדער ווארטען אויף דעם.

* * *

די שטרייך־מגפה קען טאקע אזוי לייכט ,נישט אויסגעשטראכען ווערען, אבער אונזערע ברענטש־טוער קענען אין דעם א סך העלפען.

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## 2. פּראָזע פאַר קינדער

### .1

### אויסגאַבען פון פאַרשידענע פאַרלאַגען

כמעט אין יעדען אידישען „צענטר“ פון דעם געוועזענעם רוסלאַנד (און וואָסער גרעסערע אידישע שטאָט איז דאָרט איצט נישט קיין „צענטר“?) איז פאַראַן אַ פאַרלאַג פון אידישער קינדער־ליטעראַטור. די מלחמות און די רעוואָלוציעס האָבען געמאַכט אומזיכער די געגענוואַרט; האָט דאָס אויסגעלערנט זאָרגען פאַר דער צוקונפט — פאַר דעם צוקונפטיגען דור? אפשר. אָבער דער הויפּט־טעם איז,* וואָס עס האָבען זיך געמערט אין די לעצטע יאָרען די שולען און די „קינדער־היימען“, וואו מען לערנט אידיש און — אויף אידיש. די אידישע קינדער־ליטעראַטור איז געוואָרען פשוט אַ באַדערפעניש, אַ פאָדערונג פון טאָג. און אויף אַ סך פון די פאַרלאַגען פאַר קינדער־ליטעראַטור ליגט טאַקע דער שטעמפּעל פון טאָג, פון איילעניש, פון כאַפּעניש. יעדע שול־אָרגאַניזאַציע און כמעט יעדער שול־טוער מיט איניציאַטיוו און ענערגיע שאַפט ליטעראַטור פאַר קינדער. „במקום שאין איש“ פילט יעדערער פאַר זיין חוב עפּעס אויפצוטאָן „מיט אייגענע כחות“. מער פון אַלעמען פילען עס די לערער. זיי שטייען נעענטער, ווי אַלע, צו דער שול. זיינען די קינדער־פאַרלאַגען און די ביכלאַך, וואָס זיי גיבען אַרויס, דאָס רוב אויפטוען פון לערער.

לערער ווייסען אָדער זיי קאָנען דעם קינדס פּסיכאָלאָגיע — איז עס געוויס אַ מעלה אַ גרויסע; אָבער זיי פעלט אָפט ליטעראַרישער און קינסטלערישער געשמאַק, און דאָס איז דער חסרון פון אַ סך פון די ביכלאַך, וואָס ווערען פאַרפאַסט און אַרויסגעגעבען פון לערער, וועלכע זיינען נאָר לערער. אויף איינציגע אַזוינע ביכלאַך, וואָס זיינען געשאַפען פון לערער און זיינען דאָך ווייט פון פאָלקומענהייט און אפילו פון איינפאַכער קאָרעקטהייט, האָב איך שוין אָנגעוויזען. איך וועל זיך אָפּשטעלען נאָך אויף עטליכע אַזוינע ביישפּילען.

פאַר מיר ליגען פינף ביכלאַך פון אַ זייער פאַרדינסטפולען ווילנער אידישען לערער און פאָלקלאָר־זאַמלער, ש. באַסטאַמסקי; די נעמען פון די ביכלאַך זיינען: „יעקעלע נאַר“; „יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות“; „מזל“, אַ פאָלקס־מעשה׳לע; „צוויי מתנות“; „דער נס“; „דער צדיק“ (פאַרלאַג „די נייע אידישע פאָלקס־שול“, ווילנע, 1918). די דאָזיגע ביכלאַך זיינען זיכער ניט אַזוי שלעכט, ווי איינציגע לערערשע חומש־„באַאַרבעטונגען“, וועלכע איך האָב דערמאָנט אין אַ פריערדיגען קאַפּיטעל; אָבער זיי שטעלען אונז דאָך נישט צופרידען. וואָס אין די דאָזיגע מעשה׳לאַך ווערט דערציילט וואָלט אפשר גראָד געקאָנט זיין גוט פאַר אונזערע קינדער; אָבער מען קאָן עס, ליידער, נישט זאָגען וועגען דעם אופן, ווי אַזוי איינציגע פון די דאָזיגע מעשה׳לאַך ווערען דערציילט.

אַ שטייגער, דאָס באַאַרבעט און פאַראידישט מעשה׳לע — „יעקעלע נאַר“. יעקעלעס טאַטע האָט פאַרזייט אַ גאָרטען מיט אַרבעס. „האָט זיך איינגענאַדזשעט אַ בושעל און האָט אָנגעהויבען צו שלעפּען פון גאָרטען די אַרבעס“ . . . איינגענאַדזשעט איז אַ וואָרט, וואָס קלינגט שלעכט און דאָס צווייטע „האָט“ איז איבעריג (דאָס איז, אַגב, אַ שפּראַך־פעלער, וואָס עס מאַכען אַ סך שרייבער); אָבער דאָס זיינען קליינגקייטען. ערגער איז, וואָס דער טאַטע רעדט צו יעקעלען, וועמען ער הייסט גיין זיך אָפּרעכענען מיט בושעל, אויף אַ לערנביכערישען לשון: „הער, יעקעלע, דאָס איז קיין עסק ניט! די אַרבעס האָבען מיר אָנגעגרייט ניט פאַר׳ן בושעל. נאַ, דיר, מיין זון, אַ שטעקען, גיי אַרויס אין גאָרטען, היט אָפּ דעם גנב און ווייז אים, ווער דער בעל־הבית איז פון די אַרבעס!“ דאָס איז געוויס זייער אַ קאָרעקטער גראַמאַטיקאַלישער זאַץ, אָבער אַ קינד וועט נישט באַנעמען, פאַרוואָס דער טאַטע רעדט צו יעקעלען ווי . . . אַ לערער, ניט ווי אַ טאַטע. אויך וועט עס נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס יעקעלע, וועלכער גייט צו צו זיין פאָטער „אַ פריילעכער, אַ לעבעדיגער“, רעדט צו אים נישט מיט קיין פריילעכער און נישט מיט קיין לעבעדיגער שפּראַך. ער זאָגט צו אים: „טאַטע, לויף גיכער, רוף צונויף אונזערע קרובים און שכנים, זאָג זיי אָן, אַז איך וועל זיי ווייזען אַ קונץ“. איז עס די שפּראַך פון אַ קינד? עס איז אַ שטיק . . . „דקדוק“.

דאָס צווייט — אָריגינעל — מעשה׳לע פון ש. באַסטאַמסקי איז פרישער, לעבעדיגער. אָבער כמעט אַ דריטעל ביכעל איז פאַרנומען מיט דער „כאַראַקטעריסטיק“ פון דעם דערציילער — יודע דעם וואַסערטרעגער — און דאָס מוז מאַכען דעם יונגען לעזער אומגעדולדיג. אַ קינד האָט פיינט — און עס איז גערעכט, וואָס עס האָט פיינט — הקדמות; אין דעם ענין פון זיין זאַכליך און ניט מאַכען קיין פאָררעדעס מעגען מיר זיך לערנען פון קינדער.

צו לאַנג און אַבסטראַקט איז אויך די הקדמה צום פאָלקס־מעשה׳לע „מזל“ . . . „כל זמן דער מזל איז געגאַנגען אין שפּאַן (דער מזל איז געגאַנגען אין שפּאַן?), איז אַלץ גוט געוועזען, און ער (דער סוחר, דער העלד פון דעם מעשה׳לע) איז געשטיגען און געשטיגען אַלץ העכער און העכער . . . קוים האָט זיך אָבער דאָס רעדיל אַ דריי געטאָן צוריק, קוים האָט זיך דאָס מזל פון אים אָפּגעטאָן, איז אַלץ אַוועק קידער־ווידער, און ער האָט אָנגעהויבען צו פאַלען און פאַלען אַלץ נידעריגער און נידעריגער“. מען קאָן אפשר אויסלערנען דאָס קינד געוויסע אויסדרוקען מיט אַזאַ מין זאַץ, אָבער אַ מעשה׳לע־דערציילער איז ניט קיין שפּראַך־לערער. אויך האָבען קינדער, רעכען איך, נישט ליב, ווען מ׳שרייבט אַזוי ווי ש. באַסטאַמסקי אין דעם באַאַרבעטען מעשה׳לע „צוויי מתנות“: „די וואונדערבאַרע שיינקייט, די גרויסע רייכקייט און דער זעלטענער שכל“. קינדער פילען אינסטינקטיוו, ווי די ריכטיגקייט פון דעם פראַנצויזישען ווערטעל, אַז „דער אַדיעקטיוו (דער שם תואר) הרג׳עט אַוועק דעם סובסטאַנטיוו (דעם שם עצם)“.

פון די מעשה׳לאַך, וואָס ה׳ באַסטאַמסקי האָט „באַאַרבעט“, זיינען די בעסטע: „דער נס“ און „דער צדיק“. אויך אין זיי זיינען פאַראַן סטיליסטישע פעלערן, אָבער איר געפינט דאָרטען נישט, ווי אין די „צוויי מתנות“, אַזוינע נישט קיין געלונגענע פאָלקס־ווערטלאַך (אויך פאָלקס־ווערטלאַך זיינען פאַראַן מער און ווייניגער געלונגענע!), ווי: „ווען מען וואָלט נאָר געקאָנט, וואָלט מען איר גאָלד אין האַלז געגאָסען“, אָדער אַזוינע צייטונגס־אויסדריקען, ווי: „ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט . . .“ א. ד. ג.

וואָס איז נוגע צום אינהאַלט פון די ביכלאַך, איז ער אין אַ פּאָר פון זיי („יעקעלע נאַר“ און „מזל“) צו קליינליך און, אויב איר ווילט, „קליינבירגערליך“. אין „יעקעלע נאַר“ ווערט צום סוף דערציילט, אַז „יעדערער (פון די, וואָס זיינען געקומען „קוקען אויפ׳ן וואונדער“) האָט געוואָלט כאַפּען וואָס מער (גאָלד און זילבער) און ס׳איז געוואָרען אַ רייסעריי, אַ טומעל, אַ געשריי“; יעקעלע האָט אויסגעשריען: „שטעקעלע, פון זעקעלע אַרויס!“ — „און די דריי דייטשען מיט די לאַנגע בייטשען זיינען אַרויסגעפלויגען און האָבען אָנגעהויבען צו שמייסען דעם עולם אַזוי שטאַרק, אַז יעדערער האָט געמוזט אַוועקלייגען אַלץ, וואָס ער האָט גענומען“ . . . דאָס איז אפשר „דראַמאַטיש“, אָבער מיר דוכט, אַז אויב שוין יאָ זיך פאַרגינען צייגען פאַר קינדער „דראַמאַטישע האַנדלונגען“, איז — פון אַן איידעלערן מין. סוף כל סוף האָבען מיר דאָך קיין אַנדער מיטעל נישט צו אַנטוויקלען ביי קינדער אַ גוטען געשמאַק, ווי . . אים אַליין צו האָבען. דאָס סוף פון דעם מעשה׳לע איז נאָך ערגער; עס לאָזט זיך אויס אַזוי: „דאָס גאַנצע גוטס איז געבליבען פאַר יעקעלען, און ער איז געוואָרען אַ גביר אדיר . . . ס׳פאַרשטייט זיך,

אז פון יענם מאל אן האט מען אים אויפגעהערט צו רופען „יעקעלע נאר“ . . . די „איראניע“, וואס שטעקט אין דעם „פארשטייט זיך“, וועלען, פארשטייט זיך, קינדער נישט פארשטיין; זיי וועלען נאר איינזען, אז ווי נאר מען ווערט „א גביר אדיר“, הערט מען אויף צו זיין „א נאר“. און אין סוף פון דעם פאלקס־מעשה'לע „מזל“ וועלען זיי הערען אזא מין מוסר השכל: „שוין צייט צו ווערען צוריק פאר זיך א בעל־הבית און לעבען מיט לייטען גלייך“. דאס הייסט: ווילסטו זיין מיט לייטען גלייך, זיי פאר זיך אליין א בעל־הבית“. אן עכט קליינבירגערליכע און — דער עיקר — קליינליכע פילוסופיה! מען דארף מיט קינדער געוויס נים מאראליזירען. אבער אונטעררוקען זיי אן ארימע און קליינליכע „מאראל“ הייסט אויך מאראליזירען. און מען דארף זיך היטען דערפון. די מעשה'לאך „דער נס“ און „דער צדיק“ זיינען גוט טאקע דערהויפט דערמיט, וואס, נישט מאראליזירענדיג, זיינען זיי דאך מסוגל צו מאכען דעם קינדס לעבענסגעפיל רייכער און ברייטער, נישט ארימער און שמעלער, ווי דאס איז דער פאל מיט „יעקעלע נאר“ אדער „מזל“.

---

פיל ערגער פון ה' באסטאמסקים מעשה'לאך איז די קינדער־זאמלונג „פאר (פון?) די קליינע קינדערס וועגען“, וואס עס האט פארפאסט שרה רייזען און עס האט ארויסגעגעבען דער פארלאג „קינדער־וועלט“, ווילנע, 1919. „פאר די קליינע קינדערס וועגען“ איז א מין כל־בו: איר געפינט דא לידער, פאנטאסטישע מעשה'לאך, איינע א רעאליסטישע דערציילונג און א „סצענע פאר קינדער“. די „סצענע“ לאזט זיך אויס מיט א ליד פון די קינדערס לערערין, וועלכע זינגט:

וועך עס איז בר מצוה,
דארף שוין וויסען קלאר,
אלט איז ער געווארען,
גאנצע דרייצען יאר!

און אין דער „סצענע“ גופא קומט פאר אזא מין שמועס צווישען א אינגעל, וואס איז „געווארען גאנצע דרייצען יאר“, און זיין שוועסטער. דאס אינגעל „פאסט אן דעם של ראש“ און פרעגט ביי דבורה'לען, זיין שוועסטער: „קליידט מיר?“ ענטפערט אים דבורה'לע: „עס קליידט דיר זייער. ווען די מאמע וואלט לעבען, ווי גוט עס וואלט געווען. דערמאנסט זיך אמאל אן דער מאמען?“ רופט זיך אפ דער בר מצוה בחור: „אוודאי דערמאן איך זיך! צי קאן מען א מאמען פארגעסען? היינטיגע נאכט האט זי זיך מיר אפילו גע'חלומ'ט אויך!“ אט אזוי שמועסען עס קינדער צווישען זיך וועגען זייער מאמען, וואס איז געשטארבען! אזוי ווי דאס וואלטען געווען נים קינדער, נאר... פארפאסערס פון אידישע קינדער־מעשה'לאך און קינדער־לידלאך: ווארום נאר ביי זיי טרעפט מען אזא הילצערנעם לשון. אט הערט, מיט וואס פאר א סטראף עס הייבט זיך אן שרה רייזענס זאמלונג פאר קינדער:

קומען וועט דער זומער,
וועט דאך (!) ווארעם זיין.
מאכען מיר א גערטעלע,
זייען בלומען איין.
אדער אזעלכע מיני פערזען:
איז דער ווינטער אויך אוועק,
שיט אים זאלץ אן אויפ'ן עק —
קערט ער שוין נים מער צוריק,
פרילינג איז פאר אונז א גליק!

און די פראזע איז נישט בעסער. אין דעם מעשה'לע „באבע יאכנע“ פארברענט משה'לע אין אויווען דער באבע יאכנעס טאכטער און דער באבע יאכנען אליין „גיט ער א זעץ מיט'ן טוקאטש אין שטערן“ און „פלעט איר דעם מוח“. פרעגט זיך: ערשטענס, ווען איז עס משה'לע געווארען אזא גזלן? צווייטענס, ווען איז עס די אידישע באבע יאכנע געווארען א רוסישע „באבא יאגא“? און דריטענס: צו וואס דארף מען אזוינע ווילדע נארישע מעשיות איבערזעצען אויף אידיש און עס ארויסגעבען נאך פאר אריגינעל אידישע?

---

נ. ב. אין איינעם פון די פאריגע קאפיטלאך („דער פריינד“, סעפטעמבער, 1921) האב איך געמאכט א פארדריסליכען פעלער. איך האב פאר דעם פארפאסער פון דעם ביכעל „יוסף און זיינע ברידער“, וואס איז „באארבעט פון חומש“ און ארויסגעגעבען פון דעם פארלאג „אידיש“ — אנגעגעבען ה' אפרים אויערבאך, דעם אייגענעם וואס האט „באארבעט פון חומש“ דעם ביכעל „משה“ אין דעם זעלבינען פארלאג. אין דער אמת'ן איז „יוסף און זיינע ברידער“ ארויס אנאנים און איז גראד נישט געשריבען „אויף אזא טרוקענער, כמעט הילצערנער שפראך“, ווי דאס צווייט פון חומש באארבעט ביכעל („משה“), וואס וועגען אים האב איך גערעדט אין יענעם קאפיטעל.

# און אפשר...

פון ארטור עסעלין

און אפשר איז פארט דא א גאט אויפ'ן הימעל,
צו וועלכען מיר ווייסען אליין ניט ווי דינען, —
קען אונזער יאמער זיין הויכקייט ניט גרייכען,
קען אונז זיין בליק אויף דער ערד ניט געפינען.

און אפשר איז לאנג שוין משיח געקומען,
און ווייסען אליין ניט צי ער איז שוין דא;
אז דארט וואו מיר בעטען, און דארט וואו מיר וויינען,
איז קיינמאל קיין זכר פון גאט גאר ניטא . . .

און אפשר וועט גאט נאך פון הימעל ארונטער,
און וועט אויף דער ערד אונז פון נאענט דערזעען,
און וועט זיך פאר אונז ווי א מאמע צעוויינען,
און בעטען פארגעבונג פאר אלץ וואס געשעען . . .

---

און אפשר איז גאר אזא גאט אויף דער וועלט דא,
וואס זעט ניט, און הערט ניט, און בייז איז זיין ווילען,
און ווייס ניט אויף וועמען זיין בענשונג זאל פאלען,
און ווייס ניט אויף וועמען זיין צארן צו שטילען . . .

# דער חזיר

(פאבעל)

פון נחום י.

א חזיר, וואס איז נאכ'ן רעגען
אין ווארעמינקער בלאטע ביז'ן האלז געלעגען,
גענויטליך אויסציענדיג זיינע קורצע פיס,
מיט אויגען האלב פארמאכט פון פארגעניגען
האט זיך בנעמות'דיג און זיס
געכרוקעט צו די פליגען:
— „אוי אוי, ווי גוט עס איז
אין בלאטע דא צו ליגען.
אליין צוליב דער בלאטע לוינט זיך שוין צו זיין
א שווין! . . .“

# אונזער האפענונג

פון י. ב. ביילין

מיר זיינען געגאַנגען אין חדר און מיר האָבען געלערנט, פיל געלערנט.

פאַר די צענדליגע יאָרען, וואָס די בעסערע טיילען פון דעם ארבעטער־קלאַס שטורמען מיט אויסערגעוויינליכען מוט די באַסטיליעס פון קאַפּיטאַליזם, האָבען מיר צו פאַרצייכענען פיל ערפאַרונגען. זיי וועלען אונז אַלע מיט דער צייט נוצען. זיי וועלען נים פאַרלאָרען גיין. איינע אָבער פון די ערפאַרונגען וואָלטען מיר געדאַרפט איינ׳חזר׳ן טאָג און נאַכט, ווען מיר הייבען זיך אויף און ווען מיט גייען שלאָפען, ווען מיר שטייען און ווען מיר זיצען, ווען מיר גייען אין וועג, אָדער ווען מיר קלייבען זיך צוזאַמען אויף פאַרזאַמלונגען.

מיר האָבען געלערנט, אַז די גרויסע, רויע מאַסע קען פון איר אַלטער הויט נים ארויס און קען אויף זיך קיין נייע נים אָנציען. אַ דור, וואָס האָט זיך אויסגעוויקט אין די מ״ט שערי טומאה קען נים רייניגען זיך דורך איין טבילה . . . אַ מענשען־מאַסע, וועמעס מוח איז פאַרטשאַדעט, וועמעס בלוט איז פאַרגיפטעט און וועמעס נערוועז זיינען צוזאַמענגעפינט מיט דעם גאַנצען געוועב פון דער אַלטער צעפוילטער וועלט, קען נים זיין דער פונדאַמענט פון דער נייער פרייער וועלט. אונזער שווערע אומדערמידליכע אגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט געדאַרפט צעשפּרייטען די וואָלקענס, באַשפּריצען מיט דיכט און רייניגען דאָס בלוט און דעם מוח, האָט דעריבער זייער שוואַכע רעזולטאַטען געקענט ברענגען. פאַרפאַלען... דער דור המדבר מוז אויסשטאַרבען. ער קען נים, און פיליכט טאָר ער נים, קומען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד פון מענשליכען שכל. ער קען זיך אַליין פון זומפּ נים אַרויסציען.

אונזער האָפענונג ליגט אין דעם נייעם דור. אין די מוחות פון יונגע קינדער קען דאָס ליכט זיך קיינמאָל נים צאַנקען און לעשען. ווי אַ שפּריירעגען, וואָס נידערט אַראָפּ אויף אַ פאַר־טריקענטער און דורשטיגער ערד, אַזוי טוט יעדער שפּריץ פון לערע, יעדער טראָפּען פון פרייען פאַרשטאַנד, יעדער הויך פון ליבע און מענשליכקייט פאַלען אויף אַן אָפענעם גרונט, וואָס זאַפּט גלייך איין און באַפרוכפּערט און באַזאַפטינט די יונגע פלאַנצען.

אונזער האָפענונג ליגט אויף אונזערע קינדער. ווען מיר לערנען די לערע פון סאָציאַליזם צו אַנדערע, זיינען מיר נאָך ווייט נים קיין לעבעדיגע מוסטערן, וואָס זאָלען אין זיך פאַר־קערפּערן דעם נייעם מענשען. פאַרקערט: אָפטמאָל זיינען, ליידער, אונזערע האַנדלונגען אין נעגענזאַץ מיט אונזער גלויבען און וויסען. מיר שטעקען נאָך אַליין ביז איבער די קנעכעל אין דעם זומפּ פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַטמאָספערע. מעגליך, אַז פון אויבען־אויף איז אונזער הויט שוין אַביסעלע אַנדערש: פאַרוויסט, פּאָלירט, אַרומגעוואַשען. אָבער איבעוויינינ רינט נאָך אַלץ דאָס אַלטע בלוט, דאָס זשאַבע בלוט, דאָס קאַלטע בלוט פון „פּראַקטישקייט" און „ניכטערקייט".

נים מיר קענען דינען אַלס די מאָדעלען פון דער נייער געזעלשאַפט. נים מיר קענען גאָר גענוג איבערצייגענד וויר־קען אַרום זיך און באַאיינפלוסען די טויבע, סקעפּטישע, איג־דיפערענטע וועלט אַרום!

מיר האָבען, דערפאַר, אויפגעבויט אונזערע שולען; מיר האָבען באַשאַפען די פאָרמען, דורך וועלכע עס זאָלען אַרויס־קומען די אמת׳ע מוסטערן פון פרייע מענשען. מיר האַלטען זיי אויס מיט גרויסע אָנשטרענגונגען. מיר אָפּערען זיך פאַר זייער עקזיסטענץ. אָבער מיר טוען דאָס מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז מיט דערמיט גרייטען מיר צו די ריכטיגע, צוגעפּאַסטע קעמפער מיט אַלץ אויף וואָס דאָס לעבען אַליין הייבט שוין אויך זיין שווערד.

מיר וויסען: אונזערע שולען זיינען נאָך נים פולקאָם, ווייט פון פולקאָם. מיר זוכען נאָך, מיר בלאָנזשען נאָך. עס קומט אונז אויס אין דער פינסטער צו טאַפּען, צו שפּירען, צו אָריענ־טירען זיך, אָבער אונזערע שולען זיינען שוין אויך ווייט, זייער ווייט פון דער אָפּגעלעבטער, צום טויט פאַראורטיילטער, בור־זשואַזער שול. מיר האָבען צוזאַמענגערופען די שענסטע פון אונז, די בעסטע פון אונז און די פּאַסענדסטע פון אונז פאַר דער אַרבעט, פאַר דער הייליגער אַרבעט.

מיר בויען נאָך אונזער שול, און בויענדיג פאַרריכטען מיר דאָ דעם שטיינדעל, דאָ דעם ציגעל און דאָרט דעם באַלקען. מיר ווערען נים מיד פאַרריכטענדיג. מיר האָבען נים מורא צו צע־שמעטערען דאָס, וואָס מיר האָבען ערשט נעכטען גערעכענט פאַר גוט.

מיר בויען ערשט אונזער שול. אין איין האַנט די שווערד, אין דער צווייטער—דעם בוי־האַמער, שטייען מיר פול מיט ענערגיע פאַר דער טאָפּעלטער און שווערער אַרבעט: מיר שניידען אויס אין די יונגע מוחות פון אונזערע קינדער די קראָפּיווע, וואָס די בורזשואַזע שול האָט אין זיי פאַרפלאַנצט און מיר לייגען אויס געזונטע פונדאַמענטען פאַר אַ פרייען קוק, פאַר אַ קריטישען בליק און פאַר אַ הייליגען גלויבען אין דעם זינג פון פרייהייט. מיר וועלען נים מיד ווערען בויענדיג. ווי שווער עס זאָל אונז נים זיין, וויפיל שטרויכלונגען און צוימען מיר זאָלען נים באַגעגענען אויף אונזער וועג — דער באַוואוסט־זיין, אַז מיר העלפען דעם גאַנג פון דער געשיכטע צו שווינגען איר ריזיגע אומפאַרמיידליכע ראָד, גיט אונז כחות, שאַפט אונז ענערגיע און גרייט אונז פאַר אויף וואַיטערדיגע גרויסע מעשים.

— „דער נייער וועג".

# צו אַ יונגער אַלטגעזעסענער

(סאָנעט)

פון אב. וויקטאָר

דיין הויזליכקייט קען פאַר דער וועלט אַלס מוסטער דינען.
אַזאַ גאַסטפריינדליכקייט, ווי דיינס, ז׳ניט צו געפינען.
און האָניג האָסט לרוב; אַ בינשטאָק פול מיט בינען.
פאַרפלייצט מיט זייד: אַזויפיל ווערים זיידענס שפּינען.

און דיינע דערפער זיינען שטעט. און דיינע שטעט—מדינות.
און איינגעשרויפט דיין ערד ליגט אין אַ גרויסער נעץ
פון שינעם.
דער וואָלקענצוג פאַרטשעפּעט זיך אָן דיינע דעכער.
מיט גאָלדשטיקער איז פול דיין זאַק. מיט וויין—דיין בעכער.

כאָטש ביזט נאָך יונג, אויף אַלע מערק דו ביזט דאָך
אַלט געזעסען.
און טרינקסט פון פרישסטען קוואַל, און קריגסט דאָס
בעסטע עסען.
און ס׳וואַקסט און ברייט זיך אויס דיין בויך אויף פּים
ווי דעמבענשטאַמען.

נאָר קער גדיל קליין ז׳דיין קאָפּ אויף דיינע ריזען פּלייצעס.
דו רייטסט גאַלאָפּ און ווילדעוועסט מיט בייטש און לייצעס
זע: פערד און רייטוואָגען פאַרטראָגען דיך אין פלאַמען.

# באַפרייט

(דערציילונג)

פון אל גוריה

די פאַרנאַכט שאָטענס האָבען זיך געדרייט אַרום אים און זיך צוגעהערט צו זיינע געדאַנקען, זיינע געפילען, זיינע רעיונות.

געוועזן איז איצט זיין לעצטער פאַרנאַכט אין דער טורמע. ער האָט אָפּגעוואַרט זיין לעצטען מאָלצייט, דערנאָך דאָס לעצטע געלעגער און מאָרגען פרי דאַרף ער ווערען אַרויסגעלאָזט אַלס פרייער מענש. — מאָרגען אין דער פרי וועט ער זיין פריי! פריי! פריי!

דאָס האָט מען אים נאָר וואָס מיטגעטיילט פון קאַנצעלאַריע און ער האָט דאָס אויך אָפּגעוואַרט, וויסענדיג לויט'ן חשבון, אַז עס דאַרף אַרויסקומען היינט אָדער מאָרגען. איז וואָס ווידער האָט ער זיך אַזוי געוואונדערט? ער איז דאָך געוועזן שטאַרק אומרואיג, אויפגערעגט ביז משוגעת.

הייסט עס, מאָרגען אין דער פרי וועלען פאַר אים די טויערן געעפענט ווערען און ער וועט אַריינגיין אין שיין פון פרייע מענשען, פון פאַמיליע, פון א היים.

וועט דאָס אָבער פּאַסירען? וועט דאָס לאַנגע „אַליין זיין" זיך ענדיגען, איבעררייסען ווערען מיט זיין איינזאַמען איך?

אָ, ווי גרעסער נאָך וואָלט איצט זיין פרייד געוועזן, ווען ער זאָל וויסען פאַר זיכער, אַז אויך זי דאָרט גאַרט און וואַרט אויף דעם מאָמענט וואָס ער וועט זיין פריי.

נאָר ווער וויים. דאָס האַרץ האָט אים שוין היינט עטליכע מאָל געזאָגט, אַז די פרייהייט, אויף וועלכער ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, געהאָפּט און אויסגעקוקט, וועט נאָך פאַרוואַנדעלט ווערען אין א שווערען יאָך פאַר אים.

א פּאָר מאָל איז היינט פאַר זיינע אויגען אויפגעשוואומען איר בילד, מיט'ן בילד פון זיין קינד. לאַנג פון זיי קיין שום נאַכריכט ניט געהאַט. קאָן זיין, אַז זיי האָבען אים שוין אויך פאַרגעסען? וועלען זיי אים דערקענען, ווען ער וועט אַריין צו זיי אין הויז? וועלען זיי אים אויפנעמען מיט פרייד?

זיין טראַכטען איז מיט אַמאָל איבערגעריסען געוואָרען. מען איז אַריינגעקומען און אים געפירט צום לאַנגען טיש, עסען.

— מנשה, כ'האָב עפּעס געהערט? — האָט איינער פון זיינע חברים זיך א זאָג געטאָן, ווען ער איז זיך מיט זיי צונויפגעקומען צום טיש. — מאָרגען אין דער פרי, הייסט עס, וועט פאַר דיר אויפגעעפענט ווערען דאָס שווערע טויער? און דו וועסט דערזען, הייסט עס, די גרויסע, די ליכטיגע וועלט?

אַן אַנדערער, וועמען עס איז באַשערט אָפּצוזיצען זיין גאַנץ לעבען אין דער טורמע, האָט באַדויערט מנשה'ן: ער האָט האַלב לאַכענדיג, האַלב חוזק'לאַך א זאָג געטאָן:

— וועפּסטו זיך נאָר לאַנג ניט זאַמען אין דרויסען?

— זעה, פאַרגעס ניט, מנשה, — האָט א דריטער דערמאָנט, — פאַרגעס ניט צוריקצוקומען צו אונז.

— מנשה, ניי ניט אוועק פון אונז, — האָט זיך כמעט מיט טרערען אין די אויגען געבעטען א פערטער, אַרויפלייגענדיג זיינע שווערע הענט אויף מנשה'ס אַקסלען און קוקענדיג אונטערטעניג אין זיינע אויגען. — וואָס טויג דיר די פרייהייט, פון וועלכער דו קענסט ווידער אַמאָל ווערען א פאַרשלאָסענער?

— בלייב דאָ, — האָבען פילע אין איין כאָר אים צוגערעדט, — בלייב, בלייב פאַרגעס וואָס דו האָסט אין דרויסען.

— וואָס טויג דיר די גרויסע וועלט? זי איז דאָך דיר פרעמד! ערשטענס, האָט זי דאָך, די וועלט, גאָרניט פון דייַנעטוועגען, און צווייטענס, איז זי דאָך מיט דיר אין מחלוקה, מנשה, בלייב דאָ.

— דו וועסט זיך ניט אויסבאַהאַלטען. ניטאָ וואו. ווי דו וועסט נאָר אַרויסקומען, מעגסטו זיך באַלד ריכטען, אַז אָט אָט ניט מען דיך א כאַפּ און מען ברענגט דיך צוריק אַהער.

— גרויס איז די וועלט, מנשה, נאָר פאַר מענשען, וואָס ווילען פריי זיין, איז זי זייער קליין, זייער ענג, און פאַר דיר און פאַר מיר איז זי נאָך ענגער, נאָך ענגער.

— בלייב, מנשה, בלייב מיט אונז. ניטאָ קיין דרויסען, ניטאָ.

אַזוי האָבען אַלע זיך געבעטען ביי אים. יעדער פון זיי האָט דאָס מיט'ן גאַנצען האַרצען געוואונשען און דורכאויס עס געוואָלט: עס איז אין דעם געווען א פראַגע פון זייער נשמה, א ווילען פון זייער בלוט. קיינער האָט זיך ניט געקענט קלאָר מאַכען, פאַרוואָס אייגענטליך פאָדערט מען פון אים ער זאָל אויפגעבען דעם דרויסען, די פרייהייט. דאָך האָט מען עס געטאָן, מען האָט אים צוגערעדט, מען האָט געזוכט אים צו איבערצייגען, מען האָט אים פּשוט געקושט און מיט טרערען זיך ביי אים געבעטען.

מנשה האָט געשוויגען, אַלעמען אויסגעהערט מיט פאַרזשמורעטע אויגען, ניט באַגריפען די וויכטיגקייט פון דער לאַגע, געפילט א גלייכגילטיגקייט צו זייערע רייד און רחמנות צו זייער בקשה. טרערען האָבען עטליכע מאָל אין זיינע אויגען זיך באַוויזען, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט צי זייגען עס טרערען פון פרייד, צי פון עגמת־נפש.

אָט האָט זיך באַלד געדאַרפט ענדיגען דאָס מאָלצייט און אויך די לעצטע מינוט וואָס מען קען רעדען צוזאַמען א וואָרט מיט מנשה'ן.

האָט יעדער זיין ביסען געשלונגען א שווייגענדיגער, כמעט א פאַרבליפטער.

דער שמועס אַרום אים האָט דאָ־דאָרט נאָך אָנגעהאַלטען, געווען באַגלייט מיט א שווערער אומעטקייט; יעדעס וואָרט איז ווי א שווערער שטיין געפאַלען, יעדעס וואָרט איז האַרט און גרוי געווען. פון איין וואָרט צום צווייטען איז אַדורכגעגאַנגען א ים פון שווערער בענקשאַפט און צער.

— מנשה, מיר לאָזען עס איבער צו דיר. דו וועסט אַליין איינזען, אַז מיר זיינען גערעכט . . . א גוטע נאַכט, מנשה.

ביינאַכט איז מנשה געלעגען אויף זיין געלעגער, זיין לעצטער געלעגער אין דער תפיסה, און ניט געקענט אַנטשלאָפען ווערען. ער האָט געפילט א צעשפּאָלטענקייט אין זיין איך. איין העלפט האָט מיט דער אַנדערער געפירט קריג און ער, מנשה, האָט זיך ניט אַריינגעמישט. דורך זיינע געדאַנקען זיינען דורכגעגאַנגען יענע אַלע געשטאַלטען, וואָס ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אונטער פאַרשידענע אומשטענדען און ער האָט אויף זיי ניט געקוקט; ער האָט נאָר געטראַכט, אַז דאָרט, אין'ם פרייען דרויסען, וואַרט אויף אים די אַמאָל היים־געווינשטע פרייהייט און דאָך האָט זיך איצט ניט געפונען אין אים קיין שפּור פון יענעם פיבער, פון יענעם ציטערען, פון יענעם זיך לאָזען פאַרגעסען זיך, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, טראַכטענדיג פון אָט דער פרייהייט אין די ערשטע צייטען פון זיין תפיסה־שאַפט.

מנשה האָט נאָר געהאָרכט די שטילקייט אַרום אים. דאָס האַרץ האָט אים איצט ווידער געזאָגט, אַז די פרייהייט, וואָס וואַרט אויף אים, וועט אים פאַלען שפּעטער צו לאַסט, אַז דורך איר וועט ער זיך ווידער דערזען פנים לפנים מיט דער גרויזאַמער ווירקליכקייט, מיט זיינע טאָגינע זאָרגען פאַר דעם שטיקעל טרוקענעם ברויט, און מיט אויגען, וואָס וועלען שטעכען און שטענדיג האַלטען אין איין אויסגעפינען אויף אים שלעכטס.

פאַר זיינע אויגען איז אַרויפגעשוואומען דאָס בילד פון זיין פרוי. דאָס בילד פון זיין קינד. ער האָט די גאַנצע צייט פון זיי גאָרניט געהערט, דאָך שטענדיג געהאָפּט, אַז מען האָט אים ניט פאַרגעסען. עס איז עפּעס אויסגעקומען בעסער, ווען ער האָט זיך איינגערעדט, אַז זון פרוי האָט אים ניט פאַרגעסען.

זיין אסתר, זיין אָרימע אסתר, פאַר דעם שטיקעל ברויט זיך יאָגענדיג איז ער אָט צו וואָס געקומען. ער האָט דאָך קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט זי גוט צו באַטראַכטען, זי צו ז ע ן, און ווען ער האָט זי שוין יאָ ד ע ר ז ע ן און געוואָלט באַוואונדערען אי זי, אי זיך, איז שוין געווען צו שפּעט. דאַן איז ער געווען געצוואונגען זיך אַליין צו פאַר'משפּט'ן אַלס דער אומגליקליכסטער, אומטויגבאַרסטער, וואָס האָט אַלע יאָרען פון זיין הייראַט־לעבען ניט באַמערקט זיין אייגענע פרוי, ווי עס

דאַרף צו זיין, און זי, אסתר, איז זי רען שולדיג געווען אפילו רעמאָלט, ווען זי האָט פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל איר קיין בריף קיינמאָל ניט שרייבען?

ניש־קשה, זאָל זי אָן אים נאָך גערענקען, זאָל זי נאָר האָבען אָרעמס אָפענע פאַר אים. ער וועט שוין וויסען וואָס צו טאָן צו פאַרגיטיגען איר פאַר אַלע יאָרען צרות, וואָס זי איז ביי אים אויסגעשטאַנען. זי איז דאָך אַזאַ גוטע. אפשר האָט זי זיך שוין באַרעכענט, אַז ער האָט סוף־כל־סוף ניט געמיינט איר רעה, באַשיצענדיג באַצייטענס איר כבוד. אמת, עס איז אַרויס־געקומען פאַר איר ניט שיין, וואָס האָט זיך אויך געענדיגט אַזוי טרויעריג, איז דאָך דאָס געווען די פאָלגען פון איר שיינקייט און פון זיין איבערגעבענקייט צו איר, צו דער פרוי זיינער, און אפשר מער דערפון, וואָס דאָס לעבען האָט אַזוי געפאָדערט.

זאָל זי אָן אים נאָך גערענקען. און דאָס קינד? וועט ער כאָטש נאָך איין איינציג מאָל זען דאָס שטילע גליק, וואָס ער האָט פאַרלאָזט.

זאָל דאָס נאָך זיין דער פאַל, וועט ער זיי צונעמען, אַוועק־פאָרען מיט זיי אין אַן אַנדער עק וועלט, ווייט פון די אַלע באַ־קאַנטע און פריינד, נאָכאַמאָל אָנהייבען דאָס לעבען פון דאָס ניי.

מנשה'ס געראַנקען זיינען איצט געווען פריילאַכע. ער האָט דערפילט אַ שטאַרקייט אין גייסט. מיט אַ פולער ברוסט האָט ער אָן אָטעם געטאָן די ליבע היים, פאַר זיינע ליבע אויגען האָט אַ שיין געטאָן דער האָריזאָנט. אָט האָט זיך אַ ריס געטאָן אַ ניגונ'דעל פון זיין ברוסט. ער גייט זיך פריילין איבער די גאַסען, פאַר קיינעם דאַרף ער ניט אַנטלויפען און ער אַנטלויפט טאַקע אויך ניט. ער גייט צו אַ באַשטימטען ציל, ער גייט צו זיך אַהיים.

דער ברייטער וועג איז איצט נאָך ברייטער. די פרייד צו גיין אויף אים איז איצט נאָך פריידיגער, ממש אַ טיש — אַזוי גלאַט, אַזוי פיין, אַזוי שיין — עס איז נאָך הפנים זייער פרי, ווייל ער זעט ניט קיינעם אָנקומען אַנטקעגען. איצט איז ער איינער אַליין אויפ'ן וועג. ער גייט און זינגט זיך אונטער און זינגענדיג גייען זיך אויך לייכט די פיס, אַזוי לייכט.

דער וועג אַהיים איז נאָך גענוג ווייט, אָבער מענשען באַ־נעגענט ער שוין. דער וועג איז נאָך היימליכער געוואָרען, און אַז מענשען לאָזען זיך באַגעגענען און היימליך איז דער וועג, וועט ער זיך דערפאַר אביסעל אָפּרוען. ער וועט זיך דאָ ערגעץ צוזעצען, פאַנאַנדערנעמען דאָס פעקעלע, וואָס ער האַלט אונ־טער'ן אָרעם. דאָרט האָט ער עסען, צו וועלכען ער האָט דער־פילט אַפּעטיט.

דערזעט אָבער מנשה, אַז ער איז גאָר אין זיין אייגענער היים. אָט שטייט דאָרט זיין הויז. ער זעט עס דאָך, גאָר ניט געענדערט, פונקט ווי עס האָט אויסגעזעהן מיט צען יאָר צוריק. דאָ איז נאָך פאַראַן דאָס אייגענע פאַרקאַנדעל אַרומגעצאַמט, דער קליינער הויף, די ברונעם, אָט איז דאָך דער הונט אויך נאָך דאָ און בילט טאַקע אויך. אַ אינגעלע קומט אים אַנטקעגען.

— העי, אינגעלע, קליינער.

דאָס אינגעלע בלייבט שטיין און קוקט אים אָן, פאַלט מנשה'ן איין, ער וועט אים גאָר ניט פרעגען. ווייס ער רען אַליין ניט דעם וועג? אָבער באַלד קומט מנשה'ן אויפ'ן גע־דאַנק, אַז דאָס אינגעל מוז זיין אַ שליח, וואָס איז געשיקט גע־וואָרען אים אויפ'ן וועג אָנצוזאָגען אַ גוטע בשורה.

— העי, קליינער, דאָרט אין יענעם הייזעל וואוינט דאָך אסתר רובין!

— אסתר רובין? — ענטפערט דאָס אינגעל. — איך ווייס ניט.

מנשה האָט דערפילט אַ קלעמענדע אומרואיגקייט: קען זיין, זי האָט זיך גאָר אַרויסגעקליבען פון דאַנען? און מנשה לאָזט זיך גיין גיך. אַן אַלטער מאַן קומט אים אָן אַנטקעגען. ער שטעלט אים אָפּ און פרעגט אים אויף אסתר רובין, שאָקעלט דער אַלטער מיט'ן קאָפּ און ענטפערט, ניט געאײַלט:

— אסתר רובין וואוינט שוין ניט מער דאָ. איר מאַן זיצט אין תפיסה, איר פאַרשטייט? . . . — און דער אַלטער דער־ציילט מנשה'ן די גאַנצע געשיכטע, וועלכע ער האָט שוין אַליין געהאַלטען פאַר טויט. עס לעבט אויף פאַר אים זיין שכן מענדעל. די אומצופרידענקייט מיט זיין קומען צו מנשה'ן אין הויז אַריין. דערנאָך דאָס קריכען אים אין געשעפט אַלס פאַרביטערטער קאָנ־קורענט, דערנאָך אייפערזיכט . . . פאַרביטערונג . . . ער טרעפט יענעם אָן אָנגעלאָדענטען מיט עקשנות'דיגע און פאַר־דעכטיגטע צילען ווידער ביי זיך אין הויז . . . זיין אסתר? עפּעס איז זי אויף אַלעם גרייט . . . זי וויל פּטור ווערען פון קאָנקורענט, זי וויל רואיג לעבען מיט איר מאַן, מיט מנשה'ן, און ער וואַרפט יענעם עפּעס אין פנים . . . יענער פאַלט אין בלוט . . . פּאָליציי . . . טורמע, פאַרהער . . . יענער מיט אַן אַרומגעבונדענעם קאָפּ אין געריכט . . .

און מנשה הערט, ער פאַלט שיער פון די פיס, יעדעס וואָרט פון אַלטען פאַלט ווי אַ קלאַפּ פון אַ האַמער איבער זיין קאָפּ. און אָט ווערט דער אַלטער פאַרשוואונדען און מנשה זעט נאָר, אַז ער איז ביי זיך אין דער היים, אָט דאָרט זעט ער אַ קליין מיידעלע, שיינע געדיכטע האָר נעמען אַרום איר פנימ'ל. אַ צאַר־געפיל זאָגט אים, אַז דאָס איז זיין מיידעלע.

— ווי אַזוי רופט מען דיך, מיידעלע?

אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען זיין פרוי . . . יאָ, זיין אסתר.

ער פילט ווי צו פאַלען. פאַר אים שטייט דאָך זיין אסתר, נאָר פאַרוואָס קוקט זי אַזוי אויף אים, אַזוי ווי זי וואָלט ניט וויסען ווער דאָס איז. ער שטרעקט אוים די הענט צו איר; נאָר פאַרוואָס רוקט זי זיך אָפּ פון אים? פאַרוואָס שרעקט זי זיך, פאַרוואָס אַנטלויפט זי?

— אסתר! אסתר! לאָז מיך ניט אַליין. קום, אסתר! אסתר!

---

דער טורמע אויפזעער איז מיט אים דורכגעגאַנגען דעם הויף, אָפּגערוקט די שווערע ריגלען פון אייזערנעם טויער און אים אַרויסגעשטופּט אין דרויסען.

דאָס טויער האָט זיך צוריק פאַרמאַכט.

מנשה איז שטיין געבליבען אַ מינוט פאַר'ן טויער, ווי אַ נאַכט־פויגעל און פאַרזשמורעט די אויגען פאַר דער זון. אַ אינגעל האָט פאַרביילויפענדיג אים נייגעריג אָנגעקוקט און אַ בלאָדנער הונט האָט זיך פּלוצלונג באַוויזען אויפ'ן גאַס און אַ ביל געטאָן אויף אים. מנשה האָט זיך אויסגעגלייכט און איז אַוועק.

---

# צו אַ אינגעלע

פון יצחק ראַנטש

בלייכער, מאַטער אידיש אינגעלע
פון דער בלוטיגער אוקראַינע —
אוי, ווי קלוג דו ביסט!
ווייסט אַזויפיל.
און דערציילען קענסטו אָן אַ שיעור:
פון פּאָגראָמען, באַנדעס, אַטאַמאַנען,
און פון געשאַכטענע, צעפּיצעלטע
גופים אידישע,
וואָס דיינע אויגען האָבען זיך אָנגעזען.
קליינער העלד!
וויפיל מאָל האָסטו דעם טויט דערפילט נעבען זיך —
און איצט דערציילסטו וועגען דעם און שמייכעלסט . .
און די גאַנצע וועלט איז פאַר דיר —
אַ שפּילפּלאַץ, וואו מען שפּילט זיך
אין מלחמות און פּאָגראָמען;
אין אַ שפּיל פון בעטלער;
אין אַ שפּיל פון יאָגען און באַהאַלטען זיך;
אין אַ שפּיל פון דרייען זיך און ניט פאַלען . . .
און וויסען דאַרף מען ווי אַזוי,
און דו — דו ווייסט דאָך ווי אַזוי,
און קענסט נאָך אַנדערע לערנען . . .
און ס'דוכט זיך דיר אַז דו ביסט אַלט, אַלט,
און אַלעס, אַלעס ווייסטו —
אַ בלייכער, ליבער אידיש אינגעלע
פון דער בלוטיגער אוקראַינע . . .

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## 8. טאָמאַזאָ קאַמפּאַנעללאַ

דעם 5־טען סעפּטעמבער פון יאָר 1568 איז געבוירען געוואָרען אין קאַלאַבריא (איטאַליען) דער גרויסער אוטאָפּיסטישער *) קאָמוניסט, דיכטער און דענקער, טאָמאַזאָ קאַמפּאַנעללאַ, דער פאַרפאַסער פון דער באַרימטער אוטאָפּיע — „די שטאָט פון זון" (ציוויטאַס סאָלים). אין יענער צייט איז קאַלאַבריא געווען אונטער דעם שווערען יאָך פון שפּאַניען.

שוין אין די קינדערהייטס־יאָרען האָט קאַמפּאַנעללאַ ארויסגעצייגט אויסערגעוויינליכע אָראַטאָרישע פייאיגקייטען און גרויס ליבע צו פילאָזאָפיע. צו 15 יאָר איז ער אריינגעטראָטען אין דעם גייסטליכען אָרדען פון די דאָמיניקאַנער און איז געוואָרען אַ מאָנאַך, האָט שטודירט און געפאָרשט. און גאָר אינגיכען האָט ער באַקומען אַ געלעגענהייט זיך ארויסצואווייזען אין אַ דיספּוט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען צוויי אָרדענס. מען האָט אים באַלד אנערקענט פאַר אַ גדול.

אין פאַרלויף פון 10 יאָר וואַנדערט ער ארום איבער איטאַליען און פירט דיספּוטען אויף רעליגיעזע און פילאָזאָפישע טעמעס, אומעטום האָט ער גלענצענדע זיגען, וואָס באַרוישען אים, און אין דער אייגענער צייט שאַפט ער זיך אַ סך שונאים פון אַנדערע גייסטליכע אָרדענס. דערהויפּט איז מען געווען אויף אים פלאַם־פייער פאַר זיינע אָנפאַלען אויף אַריסטאָטלען, וואָס מיט זיין לערע האָבען דעמאָלט די געלערטע אפשר מער זיך באַשעפטיגט ווי מיט דער ביבל. די יעזואיטען האָבען אים גענומען באַשולדיגען אין אַפּיקורסות און אין כשוף און האָבען אויסגעווירקט ביים פּאַפּסט, אַז ער זאָל אים פאַרווערען ארומפאָרען האַלטען זיינע דרשות.

קאַמפּאַנעללאַ האָט געפאָלגט דעם פּאַפּסט און האָט זיך צוריקגעקערט אין מאָנאַסטיר, וואו ער האָט זיך פאַרטיפט אין וויסענשאַפט און פּאָעזיע. ער האָט דאַן גענומען שרייבען אַ טראַגעדיע, די טעמע פון וועלכער עס איז געווען — דער טויט פון מאַריע סטיואַרט.

אין מאָנאַסטיר האָט קאַמפּאַנעללאַ געהאַט אַ גוואַלדיגע ווירקונג אויף די מאָנאַכען און ער האָט צווישען זיי גענומען פּרעדיגען רעפּובליקאַנישע אידעען. ער האָט געוואָלט שטירצען די שפּאַנישע הערשאַפט אין גרינדען אַ טעאָקראַטישע רעפּובליק אויף קאָמוניסטישע יסודות, ווי ער האָט שפּעטער אויספירליך באַשריבען אין זיין אוטאָפּיע — „די שטאָט פון זון". ער האָט געזאָגט, אַז גאָט האָט אים אויס־ערוויילט פאַר אַזאַ אונטערנעמונג, אַז ער האָט אָפטע פאַרבינדונגען מיט גאָט, און האָט געצוואונגען, אַז מען זאָל אים רופען משיח. זיינע פּלענער זיינען געווען גאַנץ ברייטע. ער האָט געוואָלט ארויסרופען אַ פולשטענדיגען אויפשטאַנד מיט געווער אין די הענט. דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבען; מ'האָט אים פאַרראַטען. צולעצט האָט מען אים געכאַפּט און אריינגעזעצט אין געפענגניס. געמיינט האָט ער, אַז דאָס פאָלק, אין וועמעס טובה ער האָט געאַרבעט, וועט זיך אויפהייבען, ווי איין מענש, און זיך איינשטעלען פאַר אים; ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט. מען האָט אים פעסט געהאַלטען אין פעסטונג און דאָס פאָלק האָט געשוויגען. אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט טאָן, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבען אַ געדיכט: דער המון — איז אַ פאַרענדערליכע, ניט־קלוגע חיה, וואָס ווייס ניט אירע אייגענע כחות און טראָגט געדולדיג איבער די שווערסטע קלעפּ און לאַסטען; ער דערלויבט אַ שוואַך קינד צו הערשען איבער אים, אַ שוואַך קינד, וועלכען ער וואָלט מיט איין שטויס קאָנען ארונטערוואַרפען אויף דער ערד. אַלץ, וואָס געפינט זיך צווישען הימעל און ערד, געהערט אים, אָבער פון דעם ווייסט ער נישט, און, ווען אימיצער ווייזט אים אָן אויף זיינע רעכטען, דער'הרג'עט ער יענעם אויף טויט מיט שטיינער.

מיט לאַנגע און שווערע יאָרען פון יסורים און פייניגונגען האָט קאַמפּאַנעללאַ באַצאָלט פאַר זיינע רעוואָלוציאָנערע פאַרזוכען און פאַר זיין קאַמף מיט די יעזואיטען. אין דער פאָררעדע צו זיין ווערק „אַטהעאיזמוס טריאומפהאַטוס" דערציילט קאַמפּאַנעללאַ וועגען זיינע ליידען: איך בין געזעסען אין פופציג פאַרשידענע געפענגניסען און זיבען מאָל האָט מען מיך געפייניגט מיט דער גרעסטער גרויזאַמקייט. דעם לעצטען מאָל האָט מען מיך געפייניגט און געמאַטערט פערציג שעה. מען האָט מיך געשטיקט מיט פעסט־פאַרצויגענע שטריק, וואָס האָבען דורכגעשניטען די פלייש ביז די ביינער, און דערנאָך, פאַרבינדענדיג מיינע הענט אויפ'ן רוקען, האָט מען מיך אויפגעהאָנגען איבער אַ שאַרפען פלאָקען, אַזוי אַז מיין בלוט האָט פון מיר גערונען. אין פערציג שעה ארום האָבען זיי באַשלאָסען, אַז איך בין טויט, און מען האָט אויפגעהערט מיך פייניגען; מאַנכע האָבען מיך געטראָגען און, כדי צו פאַרשטאַרקען מיינע יסורים, אין פאַל אויב איך לעב נאָך, האָט מען געשלעפּט די שטריק, אויף וועלכער איך בין געווען צוגעבונדען; מאַנכע האָבען גאַנץ שטיל געריטמט מיין מוט. געזונד ווערענדיג אויף אַ וואונדערליכען אופן, אין 16 חדשים ארום, האָט מען מיך ווידער אָפּגעשיקט אין געפענגנים. קיין זאַך האָט מיר ניט געקאָנט צעטרייסלען און איינשרעקען, קיין איין־איינציג וואָרט האָט מען פון מיר ניט געקאָנט ארויסקריגען.

15 מאָל בין איך געשטאַנען פאַר'ן געריכט. דעם ערשטען מאָל האָט מען מיר געפרעגט: ווי אַזוי ווייסטו דאָס, וואָס דו האָסט ניט געלערנט? האָסטו דעם טייוועל צו דיינע דינסטען? איך האָב געענטפערט: כדי אויסצולערנען דאָס, וואָס איך ווייס, האָב איך פאַרצערט לאָמפּ־אויל מער, וויפיל איר האָט אויסגעטרונקען וויין . . . מען האָט מיר באַשולדיגט אין אַפּיקורסות, אין רעוואָלט, אין דעם, אַז איך בין אַן אָנהענגער פון דעמאָקריטס לערע, אַז איך בין קעגען דער קירך און קעגען אַריסטאָטעלס לערע.

27 יאָר האָט קאַמפּאַנעללאַ פאַרבראַכט אין די נעאַפּאָליטאַנישע געפענגניסען. אין איינעם פון זיינע רירענדע געדיכטען גיסט ער אויס זיין ביטער האַרץ און באַקלאָגט זיך אויף די אומרעכטען, וואָס מען טוט אים; ער באַקלאָגט זיך אויך די אומרעכטען, וואָס הערשען אין דער וועלט, פאַר וואָס די שטאַרקע טרעטען מיט די פיס די קערפּער פון מענשען און פאַרוואַנדלען נשמות אין געפאַנגענע פויגלען; פאַר וואָס זיי מאַכען פון מענשליכע ביינער הענטלאַך פאַר זייערע מאַרטער־געצייג. ער בעט ביי גאָט רחמים, אָבער גאָט פאַרנעמט ניט זיין געבעט.

און בעת גאָט בלייבט טויב צו זיינע געבעטען, ווענדט ער זיך צו דער זון, וועלכע ער, אַזוי ווי דער גרויסער נאַטור־פאָרשער טעלעזיוס, האָט גערעכענט פאַר אַ לעבעדיג וועזען, פאַר דעם באַשאַפער פון די נידעריגע בריאים, פלאַנצונגען, חיות און ד. ג. לויט זיין מיינונג, האָט גאָט גאָר באַשאַפען דעם מענשען. יענע געדיכט זיינע רופט זיך „דער הימן צו דער פרילינגס־זון."

קאַמפּאַנעללאַ איז געווען אַ קאַבאַליסט, אַ קענער פון קבלה. בעת ער האָט אין דעם דאָמיניקאַנישען מאָנאַסטיר אין קאָזענץ דערלערנט פילאָזאָפיע, האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַן אַלטען רב, וועלכער האָט אים אַנטדעקט די געהיימע וויסענשאַפטען, אַסטראָלאָגיע, מאַגיע און אַלכעמיע, און אויך די גרונד־יסודות פון קבלה. קבלה האָט אין יענער צייט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג

*) אוטאָפּיסטען, — מענשען, וואָס טראָגען זיך ארום מיט אידעאַלען, וואָס קאָנען ניט פאַרווירקליכט ווערען, אָדער ווייל די אידעאַלען אַליין זיינען אומפאַרווירקליכבאַר, אָדער ווייל די מעטאָדען צו פאַרווירקליכען זיי זיינען ניט קיין ריכטיגע.
אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור ווערען מיט דעם וואָרט „אוטאָפּיסטען" באַצייכענט יענע סאָציאַליסטען, וואָס גלויבען, אַז דער סאָציאַליזם קאָן פאַרווירקליכט ווערען דורך אַזעלכע וועגען און מעטאָדען, וואָס קאָנען אין דער ווירקליכקייט דעם סאָציאַליזם ניט ברענגען. די באַרימטעסטע קאָמוניסטישע אוטאָפּיסטען פון מיטעלאַלטער זיינען געווען: טאָמאַס מאָר און טאָמאַזאָ קאַמפּאַנעללאַ; די באַרימטעסטע סאָציאַליסטישע אוטאָפּיסטען פון 19־טען יאָרהונדערט זיינען געווען: סען־סימאָן, פוריע און ראָבערט אָועןן.

אויף די גלערטע. עס איז גאנץ ווארשיינליך, אז קאמפאנעללא האט געשעפט פון דער קבלה א טייל פון זיינע פילאזאפישע אידעען. אלענפאלס איז קאמפאנעללא געוועזן א פארטיידיגער פון אידען און ער האט זיי געלויבט פאר זייערע פארדינסטען אין דער פילאזאפיע, וויסענשאפט און האנדעל; ער איז זיי דערפאר געוועזן זייער דאנקבאר.

קאמפאנעללא, אזוי ווי אנדערע דענקער פון 16־טען יאהרהונדערט, האט געגלויבט אין דער איינהייט פון מענשליכען געשלעכט און האט געדענקט, אז די דאזיגע איינהייט וועט פארווירקליכט ווערען, ווען אלע פעלקער פון דער וועלט וועלען פאראייניגט ווערען אונטער איין מאכט. אויף אזא'ן אופן האט ער אומבאוואוסטערהייט, מיט א פילאזאפישער שפראך, אויסגעדריקט די דרינגליכע עקאנאמישע נויטווענדיגקייט פון דער קאפיטאליסטישער בורזשואזיע פון זיין עפאכע. די דאזיגע בורזשואזיע האט אין דער ווירקליכקייט זיך געקאנט אנטוויקלען עקאנאמיש און פאליטיש נאר ביי דער באדינגונג, ווען מען זאל פארניכטען די אויטאנאמיע פון שטעט און ראיאנען און באשאפען אויף זייערע רואינען יענע נאציאנאלע איינהייטען, וואס זייער פארמירונג איז פארענדיגט געווארען נאר אין אונזערע טעג.

דער דאזיגער בורזשואזיע איז נייטיג געווען צו פארניכטען די ארטיגע און פראווינציעלע באשרענקונגען, וואס האבען געשטערט דעם פרייען פארקער פון סחורות; איר איז נייטיג געווען אפצושאפען די ארטיגע און קאאפעראטיווע פריווילעגיען, וואס האבען געשטערט איינצופירען פאבריק־אינדוסטריען. די אידען, וואס האבען פאראייניגט די פעלקער פון אזיען, אפריקע און אייראפע דורך א ברייט־אנטוויקעלטען האנדעל, זיינען געווען די ערשטע, וואס האבען אפגעשפיגעלט אין זייער פילאזאפיע די דאזיגע עקאנאמישע באדערפעניש. דער אינטערנאציאנאלער האנדעל האט אויף זיי ארויפגעצוואונגען א אידעאלאגישע איניציאטיווע. דער פאנטעאיזם און די וואנדערונגען פון די נשמות לויט דער קבלה איז נים קיין אנדער זאך, ווי א מעטאפיזישער אויסדרוק פון דעם ווערט פון סחורות און פון זייער אויסטויש. ווערט, אזוי ווי עקזיסטענץ, וואס לעבט אין יעדער באשאפענער זאך, געפינט זיך אין יעדער זאך, וואס מען קאן קויפען אדער פארקויפען. יעדע סחורה האט א באשטימטע גרויס פון ווערט, אזוי ווי יעדער לעבעדיגער אדער ניט־לעבעדיגער געגענשטאנד איז אין א פארשידענער שטופע באשאנקען מיט די אייגענשאפטען פון „זיין“, פון עקזיסטענץ. דער ווערט פון סחורה גייט אריבער אין אן אנדער סחורה, ווארום אין יעדער סחורה לעבט א ווערט פון רויען מאטעריאל און טיילען פון די ארבעטסגעצייג, וואס זיינען געברויכט געווארען איר אויסצוארבעטען. אלע סחורות, ווי פארשידען זיי זאלען ניט זיין לויט זייערע אייגענשאפטען, דריקען אויס געוויסע צאלען פון זייער ווערדע אין געלד, וואס ווערט סחורה פארצוגסווייזע און וואס פארקערפערט אין זיך די איינהייט פון סחורה. מארקס האט באוויזען, אז דער קאפיטאליסטישער אויסטויש הייבט זיך אן מיט געלד, אום ווידער זיך צו ענדיגען מיט געלד, נאר שוין מיט א געוויסען צוגאב. אזוי איז אין קבלה. די טעאסאפיע פון קבלה גייט ארויס פון איינהייט, פון דער ערשטער ספירה, אום צו ברענגען צו דער קאמפליצירטער איינהייט אין דער צענטער ספירה, מחמת אין דער לעצטער ספירה געפינען זיך די אייגענשאפטען פון די 9 פריערדיגע ספירות.

דאס איז געווען קאמפאנעללאס פאליטיק, זיין עקאנאמישע פאליס. קאמפאנעללא האט געוואלט פאראייניגען אלעמען רעליגיעז און פאליטיש, כדי איינצופירען אויף דער וועלט פרידען און גליק. אין פארלויף פון זיין לאנגען ליידענדיגען לעבען איז זיין טעטיגקייט געווען געריכט צו דערגרייכען נאר איין ציל — איינצופירען קאמוניזם. אזוי ווי פוריע, וואס האט גע'חלומ'ט איינצורופען אין אכען א קאנגרעס פון מלכים און קאפיטאליסטען, כדי צו צווינגען אנצונעמען זיין וואוינונגס־סיסטעם (פאלאנסטער), אזוי האט קאמפאנעללא געמיינט, אז די באשרייבונג פון זיין פילאזאפישער רעפובליק וועט צוציען אלע פעלקער פון דער וועלט. אין איינעם פון זיינע געדיכטען זאגט ער פאר איר ניכער גרינדונג:

„אויב עס האט ווען עס איז געהערשט א גאלדענע צייט,
פאר וואס זאל זי זיך צוריק ניט אומקערען? ווארום יעדע זאך,
וואס האט ווען עס איז עקזיסטירט, ענדיגענדיג איר וועג, קערט
זיך אום צו איר אנהייב.

„ווען מענשען וואלטען געמיינשאפטליך געטאן גאר דאס
ניצליכע, אלץ וואס ס'איז נייטיג פאר'ן גליק פון דער מאראל,
ווי־איך וויל און לערן, וואלט די וועלט געווען א גן־עדן.“

אין א צווייטען געדיכט זאגט ער נביאות:

דעמאלט קאנט איר תפלה טאן און פלייסיג בעטען, אז עס זאל אנקומען א צייט, אז גאטס רצון אל דערפילט ווערען אויף דער וועלט . . .

ווארום די פאעטען וועלען דערזען א צייט, וואס וועט איבערשטייגען אלע אנדערע צייטען, אזוי ווי גאלד שטייגט איבער אלע אנדערע מעטאלען . . .

דעמאלט וועלען די פילאזאפען דערזען יענע פאלקאמענע, פון זיי באשריבענע, רעפובליק, וואס האט נאך קיינמאל ניט עקזיסטירט אויף דער וועלט.

אין איינס פון זיינע ווערק זאגט ער:

צו דער חרפה פון די גאטלאזע — ווארט איך, אז אויף דער ערד זאל פארווירקליכט ווערען דער גן־עדן, די גאלדענע צייט זאל אנקומען, וואו עס וועט ניט זיין קיין ארט פאר צווייפלער און אומגלויביגע.

קאמפאנעללאס אוטאפיע — „די שטאט פון זון“ — איז איינע פון די פולסטע, דרייסטסטע און שענסטע אוטאפיעס, וואס זיינען ווען עס איז אנגעשריבען געווארען. אין דער ארגאניזאציע פון זיין „פילאזאפישער רעפובליק“ האט קאמפאנעללא פאראויסגעזען אלע סאציאלע באציאונגען פון מאנסלייט צווישען זיך, און אויך צו פרויען און קינדער, ניט פארגעסענדיג די קלענסטע איינצעלהייטען פון פריוואט־לעבען. מיט פולער אפענקייט רעדט ער ארום און לייזט די סאציאלע פראבלעמען פון זיין צייט, וועלכע רעגען נאך היינט אויך די מענשהייט.

דער ענגלענדער טאמאס מאר האט אויך אנגעשריבען אן אוטאפיע, וואו ער שילדערט א גליקליך לעבען, א קאמוניסטישע ארדענונג. אבער מארס אוטאפיע איז די שאפונג פון א שטאטסמאן; ער ווייס די געזעלשאפט, וועלכע ער קריטיקירט, וועלכע ער לאכט טיילמאל אויס. אים ברענגט אויף די גרויזאמקייט פון געזעץ, ער האט טיף מיטלייד מיט די אומגליקליכע, מיט די ארויסגעטריבענע פון זייערע שטיבלאך פויערים, וועלכע זיינען אריינגעפאלען אין די שטעט פארארימטע און פאר דער קלענסטער גנבה הענגט מען זיי אויף גאר אן שום רחמנות. א דאנק זיינע באאבאכטונגען איז ער געקומען צום באוואוסטזיין, אז פריוואט־אייגענטום און געלד זיינען די אורזאך פון אלע ליידען, קריגערייען און זינד פון דער מענשליכער געזעלשאפט.

קאמפאנעללא, פארקערט, ווייסט ניט די וועלט. פארברענגענדיג זיין קינדהייט צווישען די קאמוניסטישע ארדענונגען פון מאנאסטיר, גיט ער זיך פולשטענדיג איבער צום דרייסטען שוואונג פון מעטאפיזישען געדאנק. ער באשאפט זיין אידעאלען שטאט אזוי ווי פון איין שטיק, ניט נעמענדיג אין אכט קיינע שטערונגען, וואס קאנען אנשטיין ביי דער פארווירקליכונג פון אזא שטאט. און ער באט אן מענשען דעם דאזיגען שטאט מיט דער פעסטער איבערצייגונג, אז די פעלקער דארפען זיך נאר באקאנען מיט אים, אום אים צו פארווירקליכען, בעת טאמאס מאר צווייפעלט אפילו אין דעם, אז עס זאלען דורכגעפירט ווערען אפילו די סאמע נייטיגסטע רעפארמען, די דערלייזונג פון וועלכע ער אליין לייגט אריין אין מויל פון זיין רייזענדער, וואס איז צוריקגעקומען פון דעם פלאץ — אוטאפיע.

מען דארף זיין א אידעאליסט, ווי קאמפאנעללא איז געווען, פולשטענדיג אומבאקאנט מיט די אמת'ע באדינגונגען פון דער וועלט; וואס רינגעלט אונז ארום, אום צו מיינען, אז מען דארף נאר אויסטראכטען א קאמוניסטישען שטאט, און דאן וועט די פארווירקליכונג ווערען מעגליך. דער מענשהייט איז אויסגעקומען איבערצולעבען אן אינדיווידואליסטישען פאזים, וועלכער איז געווען אומפארמיידליך צוליב די עקאנאמישע דערשיינונגען, וואס מוזען אין זייער ווייטערדיגער אנטוויקלונג צעשטערען די אינדיווידואליסטישע פארמע, וואס זיי האבען אליין באשאפען, און צוגרייטען א נייע, קאמוניסטישע פארמע. פונקט אזוי ווי דער אינדיווידואליזם איז אויסגעוואקסען פון קאמוניזם, אזוי מוז דער קאמוניזם אויסוואקסען פון דעם אינדיווידואליזם. די דענקער און טוער פון אונזער צייט מוזען אויספארשען דעם גאנג פון די געשעענישען, אום אים צו פארגיכערן — זאגט פ. לאפארג. זייער זאך איז ניט צו באשאפען אוטאפיעס, ווי דאס וואלט זיך געוואלט די פיליסטערס, די מענשען מיט א באשרענקטער וועלטאנשויאונג, וואס זיינען פארנומען מיט וואכעדיגע אינטערעסען.

קאמפאנעללא האט געלעבט 71 יאר. א קורצע צייט פאר'ן טויט האט ער פאראויסגעזאגט א ליקוי חמה, וואס האט בא־

# פעסטאַלאָצים ערציהונג־סיסטעם

פון רחל האַלטמאַן

רוסאָ'ס „נאַטירליכע" ערציהונג איז גראָר געווען דער געגענטייל פון דער טרוקענער ביכער־בילדונג, וואָס אַ קינד פלעגט אין יענער צייט קריגען. זי איז אָבער ניט געווען דייטליך און פראַקטיש גענוג, אַז מען זאָל זי קאָנען אַנווענדען פאַר די ברייטע מאַסען אין די שולען. נאָך אַלעמען קאָן אַן ערציהונגס־סיסטעם נאָר דאַן האָבען אַ ווערדע, ווען עס איז באַשטימט ניט פאַר איינצעלנע יונגע אַריסטאָקראַטען ווי „עמיל", נאָר פאַר דעם פאָלק אַלס אַ גאַנצעס. צו מאַכען רוסאָ'ס ערציהונגס־סיסטעם מער פראַקטיש און אויסדריקליך האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע י. ה. פעסטאַלאָצי.

י. ה. פעסטאַלאָצי איז געבוירען געוואָרען אין ציריך (שווייץ) אין יאָר 1746. ער איז געווען נאָך זעהר יונג, ווען ער האָט פאַרלאָרען זיין פאָטער, און איז ערצויגען געוואָרען אויסשליסליך ביי זיין מוטער. זי איז געווען אַ זעהר גוטהערציגע און קלוגע פרוי און האָט פאַרשטאַנען איר אויפגאַבע אַלס מוטער און ערציהערין. זי האָט געזוכט צו פאַרפלאַנצען אין איר קינד אַלץ, וואָס איז גוט און איידעל. דאָס האָט זיך טאַקע געלאָזט מערקען אין דעם יונגען פעסטאַלאָצי: ער האָט שטענדיג געפונען אַ גוט וואָרט און אַן עצה פאַר די אָרימע פויערים פון דער גאַנצער אומגעגענד.

נאָך אַלס סטודענט איז ער באַאיינפלוסט געוואָרען פון רוסאָס אידעען און האָט גענומען אַנטוויקלען און פאַרשפּרייטען די רעפאָרם־באַוועגונג און ערציהונגס־אידעען פון זיין לערער. ער האָט געקויפט אַ גרויס שטיק לאַנד און האָט איינגעריכטעט אַ שולע צוזאַמען מיט אַ פאַרם, וואו די קינדער האָבען געקענט פראַקטיש שטודירען לאַנד־ווירטשאַפט און קריגען אַנדערע קענטנישען, אין וועלכע זיי וועלען זיך נויטיגען אינ'ם צוקונפטיגען לעבען. זיין פאַרם איז געווען אַ גרויסער געווינס אויך פאַר די עלטערן פון די קינדער, די אָרומיגע פויערים, וועלכע האָבען זיך אויסגעלערנט פון פעסטאַלאָצין צו באַנוצען זיך מיט וויסענשאַפטליכע מעטאָדען אין דער לאַנד־ווירטשאַפט.

אַזוי ווי זיין לערער רוסאָ, האָט אויך פעסטאַלאָצי געדענקט, אַז מען דאַרף רעדען מיט די קינדער אַ שפּראַך, וואָס זאָל זיין צוגענגליך און פאַרשטענדליך פאַר זיי. ער האָט די קינדער געלערנט דורך באָבאַכטונג און ערפאַרונג רעכענען, שפּראַך, געאָגראַפיע, געשיכטע, נאַטור־וויסענשאַפט, צייכענען, שפּילען און מאָראַל. אָהן ביכער, נאָר מיט די „זאַכען", וואָס פלעגען זיין אין דעם קינדס אומגעבונג, פלעגט ער זיך באַנוצען צו לערנען די שפּראַך און רעכענען. געאָגראַפיע און געשיכטע פלעגט ער אונטערריכטען דורך געשפּרעכען; נאַטור־געשיכטע און געאָמעטריע — דורך באָבאַכטען די אָרומיגע וועלט. אינטערעסאַנט איז, אַז מאָראַל פלעגט ער ניט לערנען די קינדער לויט די געזעצען, וואָס לויטען — דאָס טאָר מען און דאָס טאָר מען ניט. פעסטאַלאָצי פלעגט געוויינליך וואַרטען ביז עס פלעגט זיך מאַכען אַזאַ געלעגענהייט אין לעבען צווישען די קינדער גופא, און ערשט דאַן פלעגט ער אונטערשטרייכען און ווייזען דעם ווערט פון זעלבסט־קאָנטראָל, גוטהערציגקייט, מיטלייד און דאַנקבאַרקייט.

די „באָאַבאַכטונגס־מעטאָדע" אין לערנען קינדער איז פון אַזאַ וויכטיגקייט, אַז פון פעסטאַלאָצי ביז צו דער לעצטער צייט האָט מען איר אַוועקגעגעבען דעם אויבען־אָן אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט. לויט פעסטאַלאָצין, ברענגט דעם קינד דעם גרעסטען שאָדען צו לערנען אַבסטראַקטע ווערטער אָהן אינהאַלט.

דאָס לערנען קאָן נאָר דעמאָלט זיין ערפאָלגרייך, ווען ווערטער האָבען צו טאָן מיט זאַכען, וועלכע מען קאָן זעהן פאַר זיך, און וויסען דעריבער גענוי זייער באַדייטונג. דאָס האָט געצוואונגען פעסטאַלאָצין צו פאַראיינפאַכען אַבסטראַקטע באַגריפען (ווי ליבע, האַס, קנאה, אייפערזוכט א. אַז. וו.), וועלכע מען קאָן ניט אָנטאַפּען מיט'ן האַנט.

די ערפאַרונג, וואָס פעסטאַלאָצי האָט געהאַט מיט זיינע באַמיהונגען איבערצוגעבען קינדער די קאָמפּליצירטע געדאַנקען אין אַן איינפאַכער שפּראַך, וואָס איז צוגענגליך פאַר יעדען קינד, האָט פעסטאַלאָצין געבראַכט צום געדאַנק, אַז יעדע מוטער קאָן זיין די ערציהערין פון איר קינד וויבאַלד עס הייבט נאָר אָן צו רעדען, ווען די מוטער זאָל רעדען צו אים אין אַזאַ איינפאַכער שפּראַך ווי מעגליך.

אום זיינע צייט־גענאָסען זאָלען אים בעסער פאַרשטיין האָט פעסטאַלאָצי אָנגעשריבען אַ בוך, „ווי גערטרוד לערנט אירע קינדער", וואו ער דריקט אויס זיינע אַנשויאונגען וועגען דער ראָלע, וואָס די מוטער קאָן שפּילען אין לערנען אירע קינדער. דאָס בוך ענטהאַלט די הויפּט־געדאַנקען פון זיין ערציהונגס־סיסטעם און קאָן נאָך דינען ביז היינט צו טאָג אַלס אַ וועגווייזער אין ערציהונג. צום באַדויערן דערלויבט דער פּלאַץ ניט איבערצוגעבען אַפילו די וויכטיגסטע פונקטען, וואָס דער בוך באַרירט. עס וואָלט אָבער געווען פון גרויסען נוצען פאַר יעדען, וואָס אינטערעסירט זיך מיט ערציהונג, צו באַקענען זיך מיט דעם ווערק פון פעסטאַלאָצי.

פעסאַלאָצי איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזוכט איינצופירען אין זיין שולע חוץ אַלגעמיינע בילדונג אויך טעכנישע. נאָך זיין מיינונג, דאַרף אונזער אַלגעמיינע בילדונג ניט פאַרנעמען אַפילו איין צענטעל פון דער צייט, וואָס מיר גיבען איר געוויינליך אָפּ. דארום איז וויכטיג, אַז דאָס קינד זאָל מיט מער נוצען פאַרברענגען די צייט אום אַלזייטיג זיך אויסצובילדען און זיין אימשטאַנד אַנטייל צו נעמען, אַלס אַן אינטעליגענטער מיטגליד אינ'ם אינדוסטריעלען לעבען פון לאַנד. אַזוי אָבער ווי צו יענער צייט זיינען נאָך קיין אַלגעמיינע געצוואונגענע פאָלקס־שולען ניט געווען, און זיין שולע איז געווען אויסגעהאַלטען פון פּריוואַטע פּערזאָנען, האָט ער געמוזט באַזייטיגען דעם אינדוסטריעלען טייל פונ'ם פּראָגראַם, לויט דעם פאַרלאַנג פון די שילער, וואָס האָבען געהערט צום פּריווילעגירטען קלאַס, וואָס פילט זיך באַליידיגט בלויז פון דעם געדאַנק, אַז זיינע קינדער קאָנען זיך איינשמוצען די הענט ביי אַ נוצליכער פיזישער אַרבייט.

ווי רוסאָ, האָט אויך פעסטאַלאָצי שטאַרק געפילט די אומגערעכטיגקייט, אומנאַטירליכקייט און נידעריגקייט פון דעם עקזיסטירענדען געזעלשאַפטליכען סיסטעם. ער האָט אָבער ניט געדענקט, ווי רוסאָ, אַז אַנאַרכיזם און אינדיווידואַליזם קאָן די איבלען אָפּשאַפען. פעסטאַלאָצי האָט געגלויבט, אַז דאָס איינציגע, וואָס קאָן רעפאָרמירען אונזער געזעלשאַפט, איז בילדונג.

זיין גאַנצען לעבען האָט ער אונערמידליך געפּרעדיגט און געאַרבייט צו מאַכען דעם מענשענס לעבען שענער און איידעלער דורך אַלזייטיגער בילדונג. איין זאַך האָט אָבער דער גרויסער פּעדאַגאָג ניט גענומען אין אָנבאַטראַכט — אַזוי לאַנג ווי עס הערשט אַ קלאַסען־געזעלשאַפט קאָן קיין רייד ניט זיין פון אַן אַלזייטיג־אַנטוויקעלטער מענשהייט.

---

דאַרפט פאַרקומען דעם 1־טען יוני פון יאָר 1639 און וואָס האָט פאַר אים באַדאַרפט זיין שלים־מזל'דיג. כדי צו פאַרשילטען די סכנה, וואָס האָט אים געדראָהט, האָט ער באַנוצט אַלע אַסטראָלאָגישע מעטאָדען, וועלכע ער באַשרייבט אין „דער שטאָט פון זון", און וועלכע עס פּראַקטיצירען די איינוואוינער פון דעם דאָזיגען שטאָט, כדי זיך צו פאַרטיידיגען פון די פעסטליכע הימעל־דאַמפען. ער האָט זיך פאַרשלאָסען אין אַ קאַמער מיט אויסגעווייסטע ווענט, באַשפּריצט מיט דופטיגע אוילען און באַלויכטען מיט זיבען דופטיגע פאַקלען. ער האָט זיך באַמיט צו צעשטרייען זיין אומרואיגקייט מיט די קלאַנגען פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטען און מיט אַ שמועס מיט די מאַנאַכען, וואָס האָבען אים אָנגענומען פאַר משוגע. געשטאָרבען איז ער דעם 21־טען מאַי פון יאָר 139, ס'הייסט מיט צען טעג פאַר דער פאָראויסגעזאָגטער ליקוי חמה.

# די גאָנאָריי און אירע קאָמפּליקאַציעס

פון דר. יוסף טענענבוים

די אַקוטע גאָנאָריי איז, ווי מיר האָבען געזען אין פאָריגען אַרטיקעל, טאַקי אַ לאָקאַלע דערקראַנקונג פון דער פּייפּ, וואָס האָט דאַכט זיך גאָר קיין טיפען שייכות נישט מיט דעם אַלגעמיינעם געזונט.

דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס עס פירט זיך נישט אַזוי גלאַט ווי מען וואָלט געוואָלט און לרוב האָבען מיר צו טאָן ביים טריפּער טאַקי מיט קאָמפּליקאַציעס פון אַ קלענערען אָדער גרעסערען מאַסשטאַב.

די קאָמפּליקאַציעס זיינען אַ שווערער זאָרג פאַר'ן קראַנקען און פאַר'ן דאָקטער, און כדי די קאָמפּליקאַציעס צו פאַרשטיין איז כדאי זיך צו דערמאָנען ווי אַזוי דער געשלעכטליכער אָרגאַן איז געבוים.

דער אונטערשטער טייל פון דער פּייפּ איז נישט אַזוי איינפאַך ווי דער פאָדערער טייל. אָט דער טייל איז פיל מער קאָמפּליצירט און פון דאָרט שטייט פאַר די גאָנאָקאָקען אָפען טיר און טויער. אין דעם זין קען מען שוין מער נישט באַטראַכטען אַ הינטערע גאָנאָריי אַלס לאָקאַלע דערקראַנקונג.

צום אַלעם ערשטען מוזען מיר דאָ דערמאָנען די „פּ ר אָ ס ט אַ ט י ט י ס“ (אַנטצינדונג פון דער דריז, וואָס מען רופט מיט דעם נאָמען „פּראָסטאַטאַ“).

וואָס איז דאָס אַזוינס אַ פּראָסטאַטיטיס און ווי קומט מען צו דעם צושטאַנד?

די פּראָסטייט איז אַ דריז, וועלכע נעמט אַרום דעם אונטערשטען טייל פון דער פּייפּ. די דריז איז גרויס ווי אַ קאַשטאַן און האָט אַ זייער וויכטיגע פונקציע צו טאָן.

די ערשטע פונקציע איז צו דעליווערן פאַר'ן מענשליכען זאָמען אַ געוויסע פליסיגקייט פון אַ ספּעציעלער צוזאַמענזעצונג, וואָס בילדעט אַ טייל פון דער זאָמענפליסיגקייט. אָט די פּראָסטאַטישע פליסיגקייט איז אַזוי באַשאַפען, אַז זי בילדעט אַ וויכטיגען באַשטאַנדטייל פון דער זרע, זי פאַרפליסיגט מער די זרע און איז אַזוי ווי אַ ריצשקעלע, דורך וועלכער און מיט וועלכער די זרע שווימט און ווערט דערהאַלטען לייסטונגספייאיג. אַ חוץ דער וויכטיגער פונקציע האָט אָבער די פּראָסטייט נאָך אַ צווייטע נישט ווייניגער וויכטיגע אַרבעט. זי פּראָדוצירט געוויסע שטאָפען, וואָס גייען איבער אין בלוט און דערהאַלטען די מענליכקייט פונ'ם מענשען. מען קען זי דערום אין אַ געוויסען זין באַטראַכטען אַלס אַ מענליכע געשלעכטסדריזע.

אָט די פּראָסטייט איז פול מיט קליינע לעפּלאַך און אויספירונגסגאַנגען און עס איז קלאָר ווי לייכט עס קען דאָרט אַריין אַן אַנשטעקונג און ווי שווער עס איז אַזאַ אַנשטעקונג פון דאָרט צו פאַרטרייבען. די פּראָסטייט איז פאַרבונדען מיט דער הינטערער פּייפּ דורך קאַנאַלען, דורך וועלכע די גאָנאָקאָקען קענען אַריין אין דער פּראָסטייט. און אָט ווי אַזוי עס אַנטשטייט אַ פּראָסטיטיס, וואָס מיינט אַן אַנטצינדונג פון דער פּראָסטייט.

מיר האָבען צווייערליי גאָנאָרייאישע פּראָסטאַטיזען.

די אַ ק ו ט ע איז די הייפיגסטע, קען אָבער אויך זיין די געפערליכסטע. עס קומט צו אַן אַנטצינדונג, און וויבאַלד די אַנטצינדונג דויערט לענגער קען זיך אויך בילדען, אין אַבסצעס, אַ מכה אין דער פּראָסטייט. אַ מכה אין דער פּראָסטייט איז אָבער אַ געפערליכער צושטאַנד, ווייל, ערשטענס, קען די מכה זיך עפענען ניט נאָר אין דער פּייפּ, וואָס איז נאָך דער בעסטער רעזולטאַט, נאָר אויך אין אַנדערע ערטער, ווי עס בילדען זיך פיסטלען, און אפילו אין אַלגעמיינע אייטעריגע אַנשטעקונג קען אַנטשטיין, וואָס ענדיגט זיך געוויינליך מיט'ן טויט. די צווייטע לייזונג קען זיין, אַז אַזאַ אַקוטער פּראָצעס ווערט כראָניש, וואָס מיינט אַ באַשטענדיגער אַנטצינדליכער פּראָצעס, וואָס דויערט זייער לאַנג און איז אַ שווערער דזשאָב פאַר יעדען דאָקטער.

עס זיינען אָבער נאָך דאָ אַנדערע מעגליכקייטען.

די אַקוטע פּראָסטאַטיטיס קומט שטורמיש. גרויסע שמערצען ביים וואַסער־לאָזען און שטולגאַנג און אַ ספּעציעלע ווייטאָג אין גראָבען פלייש, גלייך ווי גליענדע קוילען וואָלטען דאָרט געהאַלטען אין איין ברענען, ברענגען יעדען קראַנקען צום דאָקטער. אַ חוץ דעם האַלט אַזאַ קראַנקער אין איין לויפען מיט'ן וואַסער און ברענגט געוויינליך אַרויס נאָר אַ פּאָר טראָפּען פאַרבונדען מיט שמערצען, ווי ביי אַ קימפּעטאָרען. געוויינליך באַווייזט זיך אויך בלוט אין שווערערע פאַלען, אַזוי אַז אַזאַ קראַנקער האָט צו זינגען און צו זאָגען ביז ער ווערט פּטור פון די צרות.

אַנדערש איז עס ווען די אַנטצינדונג הייבט זיך אָן כראָניש פון אָנהייב אָן. אַזעלכע קראַנקע האָבען ניט קיין אויסנעוויינליך גרויסע שמערצען און אַ סך ווערען באַפרייט אַלס „געהיילט“ אפילו פונ'ם דאָקטער. נאָר ערשט שפּעטער, טיילמאָל ערשט נאָך יאָרען, הייבט זיך אָן דער קאַצעניאָמער.

די קראַנקע ווערען נערוועז, האָבען כסדר שמערצען אין די קריזשעס אָדער פּייפּ, פילען זיך מאַט און אַ סך לויפען אפילו זיך אָפּערירען כלומר'שט אויף „אַפּענדיציטיס“ אָדער „נירען־שטיינער“, און דער שטן ליגט זיך בשלום ובמנוחה אין דער פּראָסטייט און פּיקעט און דזשאָבעט, אַז עס ווערט איינעם מיאוס דאָס לעבען. דאָס זיינען די פאַלען פון כ ר אָ נ י ש ע ר פּ ר אָ ס ט אַ ט י ט י ס, וועלכע דויערן אָפט יאָרען און יאָרצענדליגע, ביז עס ווערט דערקענט די ווירקליכע סבה און ביז מען היילט זי אויס, די קראַנקע פּראָסטייט.

אַן אַנדערע קאָמפּליקאַציע איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „ע פּ י ד י ד י מ י ט י ס“.

וואָס איז אַזוינס די עפּידידימיטיס?

אויך אַ גוט שטיקעל צרה, וואָס גיט דאָס גיהנום צו זען אפילו פאַר כשר'ע צדיקים, וואָס חלומ'ען דוקא פונ'ם גן־עדן זייער גאַנץ לעבען לאַנג.

כדי דאָס צו פאַרשטיין, מוזען מיר זיך ווידער פאָרשטעלען ווי אַזוי דער געשלעכטליכער אָרגאַן איז געבויט.

לעבען דער פּראָסטייט, אין דער זייט פון איר און הינטער דער בלאָז, איז פאַראַן אַן אָרגאַן, וואָס רופט זיך אָן די „ו ו ע ז י ק ע ל ס“, וואָס מיינט אויף מאַמע לשון ז ע ק ע ל א ך. אָט די זעקעלאַך זיינען אויך אַ מין דריז. זיי האָבען אויך צווייערליי פונקציעס. ראשית, זיינען זיי כפשטם וכמשמעם זעקעלאַך, וואָס דינען דערצו, כדי צו באַהאַלטען די זרע און זי צו האַלטען אָנגעגרייט פאַר'ן שעת הכושר, ווען דער געשלעכטליכער אַקט ווערט אויסגעפירט און די זרע הייבט אָן אַרויסצופליסען.

פון וואַנען קומט די זרע? דאָ מוזען מיר אַביסעל ווייטער צוריקגיין.

די „טעסטיקעלס“, אָדער די אייער, ווי מען רופט זיי אין אידיש, און די „האָדען“, דייטש, זיינען דער מקור, פון וואַנען עס נעמט זיך די זרע. די טעסטיקעלס האָבען ספּעציעלע צעלען, וואָס בילדען די „ספּערמאַטאָזאָען“, אַ מין קליינע מיקראָסקאָפּישע סאָרט פון לעבעדיגע צעלען, וואָס האָבען אַ דרייעקיגען קאָפּ און אַן עק. מיט דעם עק מאַכען זיי באַוועגונגען, ווי קליינינקע זשאַבקעלאַך און מיט'ן שפּיץ פון דעם דרייעקיגען קאָפּ לעכערען זיי דורך די שאָל פון דעם ווייבליכען א י י, וויבאַלד זיי קומען זיך צוזאַמען אין דער געבערמוטער (וואָמב) אין דער צייט פון באַפרוכטונג. דעם גאַנצען וועג פון דער שיידע ביז צו דער געבערמוטער און ווייטער אפילו ביז אין ווייבליכע טיובעס און אייערשטעק, אויב זיי געפינען נישט דאָס איי אין דער געבערמוטער, וואַנדערן די ספּערמאַטאָזאָען צוליב די באַוועגונגען מיט'ן עק ווי ווערעמלאַך.*) אָט די ספּערמאַטאָזאָען בלייבען נישט ליגען אין די טעסטיקעלס, נאָר אַזוי באַלד ווי זיי זיינען פאַרטיג צו דער עבודה ווערען זיי פון זייערע מאַמע־צעלען אַרויסגעטריבען אין אַ מין מאָרגער נעץ פון קליינינקע און דערנאָך גרעסערע קאַנאַלעכלאַך. דער נעץ פון אָט די קאַנאַלעכלאַך

---

*) איבער דעם אַקט פון באַפרוכטונג און דעם מיסטעריעזען פּראָצעס פון בילדען אַ מענשען אין דער געבערמוטער וועלען מיר אַמאָל באַזונדער שרייבען.

# אַרבעטער-קאָאָפּעראַטיווען

## עטלאַכע ביישפּילן פאַר אידישע קאָאָפּעראַטאָרס

### פון אהרן סטאָלינסקי

### א. איטאַליען

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין איטאַליען פאַרשפּרייט זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ פּרעירי־פייער. די טרויעריקע פאָלגן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה און די געענגטע עקאָנאָמישע לאַגע, אין וועלכער דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט זיך כמעט שטענדיק געפונען, האָבן אַ סך ביייגעטראָגן, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג זאָל אין איטאַליען אָננעמען אַן אמת'ן מאַסן־כאַראַקטער. די איטאַליענישע אַרבעטער־מאַסן זיינען פּשוט געצוואונגען געוואָרן צו אַ מאַסן־אַקציע. עס ווערט אָנגעגעבן, דאָס אין 1920 האָבן די איטאַליענישע קאָאָפּעראַטיוון געמאַכט אַן אומזאַץ אויף איבער 300 מיליאָן דאָלער.

אָבער גליקלאַכערווייז האָט אַ גרויסער טייל פון דער איטאַליענישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, ווי דער אַלגעמיינער טיפּ קאָאָפּעראַטיוון פון אַנדערע לענדער. אַנשטאָט צו זיין אַ דאָלער און פּעני באַוועגונג, ביי וועמען דער „דיווידענד“ אָדער אַ סענט ביליקער אויף די פּראָדוקטן איז דער ציל, איז די איטאַליענישע קאָאָפּעראַציע געוואָרן אַן אַרבעטער־באַוועגונג, וועמעס יעדן שריט דאַרף פירן צו דער פאָלשטענדיקער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם. די קאָאָפּעראַציע ווערט באַטראַכט אַלס אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער באַגרענעצטער פּלאַץ דערלויבט אונז ניט אריינצוגיין אין איינצלהייטן און מיר וועלן זיך דעריבער דאָ פאַרלויפיק באַגנוגענען מיט עטלאַכע אַלגעמיינע אילוסטראַציעס.

ביי דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשן פון דער ליגע פון די איטאַליענישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1920, איז אָנגענומען געוואָרן די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„. . . נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, דאָס די פאַרווירקלאַכונג פון אונזער געזעלשאַפטלאַכן פּראָגראַם רופט ביי אונז ארויס די פראַגע וועגן אונזערע באַציאונגען צו דער פּאָליטישער אַקציע;

„נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס איז דער איינציקער קלאַס אין דער געזעלשאַפט, וועלכער איז מיט לייב און לעבן פאַראינטערעסירט אין דער פאַרניכטונג פון אַלע פאַרמיטלער צווישן פּראָדוצירער און קאָנסומער און שטייט אויפ'ן באַזיס פון נאַציאָנאַליזאַציע פון אַלע סאָציאַלע רייכטימער;

„אין אָנבאַטראַכט, דאָס די פּאָליטישע אַקציע אין איטאַליען שטרעבט צו דער סאָציאַליזירונג פון אַלע מיטלען פון פּראָדוקציע און אויסטויש, וועלכע דער נאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס, אָפּגעהאַלטן אין 1918, האָט אָנערקענט אַלס דער ענדלאַכער ציל פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, און וועלכע עס ווערן אויך פאַרקערפּערט אין דער טעטיקייט פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז אין פאַרבינדונג מיט דער גענעראַלער אַרבעטער פעדעראַציע;

„אין אָנבאַטראַכט, אַז ביי די לעצטע וואַלן איז די סאָ־

איז די עפּידידימיס, וועלכע נעמט אַרום די אויסערע וואַנד פון די טעסטיקעלס און איז פאַרבונדען מיט די זעקעלאַך, איבער וועלכע מיר האָבן גערעדט אויבען, דורך אַ ברייטען קאַנאַל, וואָס מען רופט אָן מיט דעם נאָמען „קאָרד“, וואָס מיינט אַ שטריק, צוליב דעם וואָס דער גרויסער זאַמען־קאַנאַל האָט אַ פּנים ווי אַ שטריק. אין די זעקעלאַך בלייבען די ספּערמאַטאָזאָען ליגען און ווערען געמישט מיט אַ מין שפּייעכץ, וואָס די זעקעלאַך שיידען אויס, כדי די ספּערמאַטאָזאָען צו דערהאַלטען ביים לעבען און אויך זיי פייאיג מאַכען פאַר דער אויפגאַבע, וואָס זיי האָבען צו דערפילען — און דאָס איז די צווייטע פונקציע פון די זעקעלאַך.

אָט די זעקעלאַך זיינען אויך פאַרבונדען דורך צוויי קאַנאַלען מיט דער הינטערער פייפ און אויך זיי קען טרעפען דאָס אומגליק, וואָס מיר רופען מיט דעם נאָמען גאָנאָרייע. מאַרשירען די גאָנאָקאָקען אריין אין די זעקעלאַך, אַזוי אַנטשטייט אויך דאָ אַן אַנטצינדונג (וועסיקוליטיס) און אַן אייטערונג, וואָס איז זייער שמערצהאַפט און בלייבט געוויינליך נישט באַשרענקט, נאָר אויף דעם אָרט אַליין, נאָר דער אייטער ווערט ארויסגעדריקט אין קאָרד און פון דאַנען צוריק אין דער עפּידידימיס, און מיר האָבען פאַר אונז אַ פאַרטיגע „עפּידידימיטיס“.

אָט ווי אַזוי עס אַנטשטייט דאָס בילד פון עפּידידימיטיס, וואָס מיינט אַן אַנטצינדונג אין דעם פאַרוויקעלטען נעץ פון דעם איי.

אין אַזאַ פאַל ווערט דאָס איי געשוואָלען און אַזוי שמערצהאַפט, אַז אַזאַ קראַנקער גייט אַרום ווי מיט אָפּגעהאַקטע פיס. אין די אייטערונג אַ שטאַרקע, אַזוי בילדעט זיך אויך דאָ אַ מכה, וועלכע עפענט זיך און גיסט מיט אייטער.

דער פאַל איז דעמאָלט זייער ערנסט, און אויב די אייטערונג באַפאַלט ביידע נעצען פון די אייער, אַזוי ווערען דערנאָך די קאַנאַלען פאַרקלעפּט, די שליימהויט דעגענערירט און די ספּערמאַטאָזאָען קענען נישט מער ארויס פון די טעסטיקעלס. אַזעלכע מענשען זיינען מיינסטענס סטעריל, דאָס הייסט זיי זיינען נישט מער פייאיג צו האָבען קינדער.

איצט וועלען מיר אָבער אויך בעסער פאַרשטיין די כראָנישע גאָנאָרייע. בלייבט אַ פּראָסטאַטיטיס נישט אויסגעהיילט, אָדער אויך אַזאַ וועסיקוליטיס (געוויינליך זייען זיי ביידערליך צוזאַמען), אַזוי קומען צושווימען אימער פרישע גאָנאָקאָקען און די פייפ, כאָטש מען מעג זי שפּריצען ווי לאַנג מען וויל, סיידען מען היילט אויס דעם קוואַל פון זיי, און דאָס מיינט אויסהיילען טאַקי די פּראָסטאַטיטיס אַליין. דאָס זעלבע פּאַסירט נאַטירליך, ווען אַנדערע פּיצשעלאַך דריזעלאַך, וואָס זיינען דאָ אין דער פייפ, זיינען פול מיט גאָנאָקאָקען. אין אַזעלכע פאַלען מוזען ספּעציאַליסטישע מעטאָדען העלפען.

אַן אַנדערער קוואַל פון „אייביגער גאָנאָרייע“ איז דאָס אייגענע ווייב.

אַזאַ מאַן מיט כראָנישער גאָנאָרייע, וואָס מיינט, אַז ער איז שוין אויסגעהיילט, פאַרקערט מיט דער פרוי, אינפיצירט זי, און נעמט זיך דערנאָך אָן פון איר, און אַזוי דרייט זיך דאָס רעדעלע פון איינעם צום אַנדערען אָן אַ סוף. אין אַזאַ פאַל מוזען ביידע באַהאַנדעלט ווערען, טאַקי דער מאַן און די פרוי.

אַן אַנדערע קאָמפּליקאַציע פון דער גאָנאָרייע איז אַ גאָנאָרייאישע געלענקס־אַנטצינדונג, וואָס קומט פאָר מער ווי מען גלויבט. עס ווערט געשוואָלען איין, אָדער צוויי, אָדער מערערע געלענקען (דזשאָינטס), וועלכע הייבען אָן צו אייטערן און ווערען דערנאָך שטייף, אַזוי אַז מען קען זיי נישט מער באַנוצען. אַזאַ קראַנקער ווערט געוויינליך באַהאַנדעלט אויף ריימאַטיסמוס ביז מען געפינט אויס, אַז לא היה ולא נברא, און אַז מיר האָבען דאָ אויך צו טאָן מיט אַ טריפּער פון די געלענקען, וואָס וויבאַלד מען באַהאַנדעלט דאָס נישט רעכטצייטיג, אַזוי ווערט אַזאַ קראַנקער אַן אייביגער אינוואַליד, וואָס פאַלט דער געזעלשאַפט צולאַסט. אַנדערע קאָמפּליקאַציעס, ווי אויגען־אַנטצינדונגען, וואָס קענען פירען צו בלינדקייט, אַנטצינדונגען פון די האַרץ־קלאַפּען און אַזוי ווייטער, זיינען זעלטענער, אָבער נישט ווייניגער געפערליך.

די גאָנאָרייע איז אַן ערנסטע דערקראַנקונג און נאָר ווען זי ווערט ערנסט באַהאַנדעלט, קען מען זי אויסהיילען.

ציאַליסטישע פּאַרטיי געווען די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע האָט ערנסט אויפגענומען דעם קאַמף געגען די קרעמער, פּאַר-מיטלער, לענדלאָרדס א. אז. וו., —

„באַשליסן מיר דעריבער, דאָס די באָרד און דירעקטאָרס פון דער קאָאָפּעראַטיווער ליג זאָל אַריינטרעטן אין פּאַרהאַנדלונגען מיט דער גענעראַלער אַרבעטער קאָנפעדעראַציע און מיט דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, כדי צו דערגרייכן דאָס פאָלגענדע:

„צו קאָאָרדינירן די רעספּעקטיווע אינטערנאַציאָנאַלע, נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע באַוועגונגען, אום צו באַשאַפן אַ מער דיסציפּלינירטע באַוועגונג פאַר'ן אַרבעטערס אַלגעמיינעם אידעאַל;

„איבערגעבן אין די הענט פון דער סאָציאַליסטישער גרופּע אין פּאַרלאַמענט אַלע ענינים, וועלכע האָבן צו טאָן מיט געזעצגעבונג און פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט, וואָס די פאַרשידענע קאָנגרעסן פון דער איטאַליענישער קאָאָפּעראַטיווער ליג האָבן אָנגענומען."

די דאָזיקע ראַדיקאַלע רעזאָלוציע — ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן — האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן שטורם צווישן אַלע פּאַרטייוע קאָאָפּעראַטיוון. זיי האָבן גע'טענה'ט, אַז די ליג האָט „פּאַררעטן" די קאָאָפּעראַטיווע אינטערעסן, וואָרים די רעזאָלוציע מאַכט פון דער גאַנצער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אַ פּשוט'ע אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מען דאַרף אין זינען האָבן, דאָס די קאָאָפּעראַטיווע ליג איז איינע פון די עלטסטע און שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציעס אין איטאַליען. די ליג איבט אויס אַ גאַנץ שטאַרקן איינפלוס אויפ'ן עפנטלאַכן לעבן.

אָבער די פירער פונ'ם איטאַליענישן קאָאָפּעראַטיוון פּאַרבאַנד האָבן זיך ווייניק וואָס דערשראָקן פאַר דעם אַנטשטאַנענעם שטורם, וועלכן זייער באַשלוס האָט אַרויסגערופן. זיי האָבן אַרויסגעלאָזן אַ לענגערע דערקלערונג, אין וועלכער עס זאָגט זיך צווישן אַנדערעס:

„די ליג ווערט געפירט פון מענשן, וועלכע גלויבן, אַז קאָאָפּעראַציע איז אַ טרייבנדע מאַכט, וואָס פירט צו דער שטופּנווייזער איבעראַנדערשונג פון אונזער געזעלשאַפט. די ליג קעמפט שוין פילע יאָרן געגען קאַפּיטאַליזם בכלל און פּראָפיטירונג בפרט, פּונקט אַזוי ווי אונזערע פּאָרגענגער, די ראָטשדיילער פּיאָנערן, האָבן געקעמפט אין זייער צייט.

„מיט דעם, וואָס די ליג האָט איבערגעגעבן אַ טייל פון אירע אינטערעסן אין די הענט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט זי בשום אופן ניט אויפגעגעבן איר אויטאָנאָמיע, פּראָגראַם אָדער טעטיקייט, און בלייבט ווי ביז איצט ביי איר טאַקטיק און אמת'ער קאָאָפּעראַציע.

„לויט די ראָטשדיילער באַגריפן, דאַרף קאָאָפּעראַציע פאַרבאַרייטן צו אַ נייער וועלט פון אחדות: דורך דער שטופּנווייזער איבערנעמונג פון דער גאַנצער פּראָדוקציע און פאַרטיילונג.

„דער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק, וועלכן די בירגערלאַכע קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך פאַרמאַסטן צו באַקעמפן, ווערט איצט איבעראַל צו-ביסלאַכווייז אָנגענומען . . . איבעראַל הייבט מען שוין אָן צו אַנערקענען דעם קאָלעקטיוויסטישן כאַראַקטער פון קאָאָפּעראַציע.

„קאָאָפּעראַציע איז ק אָ ל ע ק ט י ו ו י ז ם, זאָגאַר בלויז דורך איר טענדענץ אָפּצושאַפן ספּעקולאַציע און פּראָפיטירונג. די אויפגאַבן פון קאָאָפּעראַציע קומען זיך ענג צונויף מיט די אויפגאַבן און אידעאַלן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די יעניגע, וועלכע טענה'ן, אַז די קאָאָפּעראַטיווע ליג האָט אויפגעגעבן אירע ראָטשדיילער פּרינציפּן דורכדעם, וואָס זי האָט זיך ענגער פאַרבונדן מיט'ן שיקזאַל פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, האָבן אַ גרויסן טעות, און דאָס צייגט בלויז, אַז די דאָזיקע בירגערלאַכע קאָאָפּעראַטאָרס האָבן קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון יענע 28 ענגלישע וועבער, וועלכע האָבן באַגרינדעט די מאָדערנע קאָאָפּעראַציע — אַ נייער קאַמפּס-מיטל געגען דעם אומדערטרעגלאַכן אינדוסטריאַליזם.

„די מאָדערנע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ווייס דורך אירע ביטערע ערפאַרונגען און עקספּערימענטן, אַז די איינציקע, לעבעדיקע, לאָיאַלע און גלויבנווערטע מאַכט — די סאָלידאַריטעט פון דער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע, די ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע פּאַרטיי שטרעבט צו דעם זעלבן ציל, פּאַרטיידיקט די זעלבע אינטערעסן, ווי זי, די קאָאָפּעראַציע."

דאָס זיינען גאָלדענע ווערטער, וועלכע יעדער קאָאָפּעראַטאָר דאַרף לעזן. זיי צייגן גאַנץ קלאָר די אינערלאַכע רעוואָלוציע, וועלכע די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג מאַכט איצט דורך. ביסלאַכווייז הייבן די קאָאָפּעראַטאָרס אָן צו באַגרייפן, וועלכע גרויסע ראָלע די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג קאָן שפּילן, ווייבאַלד זי ווערט אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַרבעטער-באַוועגונג.

עס איז אפשר ווערט דאָ אויך צו דערמאָנען, דאָס כמעט אַלע סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן פונ'ם איטאַליענישן פּאַרלאַמענט זיינען קאָאָפּעראַטאָרס, אָדער זיינען פאַרבונדן מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

אָן דער קאָאָפּעראַטיווער ליג זיינען אָנגעשלאָסן אַלע אַקטיווערע און בעסער אַנטוויקלטע קאָאָפּעראַטיוון פון גאַנצן לאַנד. די מיטגלידערשאַפט פון דער ליג איז אויסגעוואַקסן פון 36 קאָאָפּעראַטיוון אין 1886, ביז 3,000 אין 1919. אין דער דאָזיקער צאָל גייען אַריין די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס פאַרמאָגן די גרעסטע מיטגלידערשאַפט, מאַכן אַ ריזיקן אומזאַץ און פאַרמאָגן זייער אַ גרויס אייגנטום.

זייער אַ גרויסן פּאָרטשריט האָט די אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין איטאַליען געמאַכט אין גאָר דער לעצטער צייט. די 3,000 געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן עקזיסטירט בעפאַר די מלחמה, און וועלכע זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן דער קאָאָפּעראַטיווער ליג, זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן ביז מער ווי 10,000, און נייע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן אָרגאַניזירן זיך איצט אין יעדן ווינקעלע פון לאַנד.

די מאַכט פון דער קאַטוילישער פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט האָט געווירקט אויף די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון אומפּאַרטייאישקייט, און דאָס האָט זיי געצוואונגען צו פאָדערן פון די מיטגלידער, אַז אין די וואַלן זאָלן זיי שטימען פאַר קאַנדידאַטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער קאָנפעדעראַציע, וואָס איז פאַרטראָטן געווען אין דעם ניט לאַנג אויפגעלעזטן פּאַרלאַמענט דורך 156 דעפּוטאַטן. דער דרייבונד — אַלגעמיינע אַרבעטער קאָנפעדעראַציע, סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און קאָאָפּעראַטיווע ליג — אַרבעטן געמיינשאַפטלאַך און גרייטן צו די אַנטשיידנדע שלאַכט געגען דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. זייערע פאָדערונגען זיינען נאַציאָנאַליזירונג פון די מיטלען פון פּראָדוקציע און פאַרטיילונג, און אַז די קאָנטראָלירנדע מאַכט זאָל איבערגיין צו די אָרגאַניזירטע אַרבעטער. די איטאַליענישע קאָאָפּעראַטיווע ליג שטייט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז עס איז שוין פאַריבער די צייט, ווען דער קלאַסנקאַמף איז געפירט געוואָרן בלויז פאַר לוין-העכערונג און בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען.

די קאָאָפּעראַציע קאָן ווערן אַ מעכטיקער קאַמפּס-מיטל, ווייבאַלד זי שטעלט זיך נאָר אין דינסט פון אַרבעטער-קלאַס.

# פערטער צוזאַמענפאָר

— פון די —

# נאַציאָנאַלע באָרד און דירעקטאָרען

## ערשטע זיצונג

דאָנערשטאג דעם 7־טען יולי, 10 אַ זייגער פאַרמיטאָג, ערעפענט ל. אַרקין דעם פערטען צוזאַמענפאָר פון די דירעקטאָרען.

ה. שערמאַן, ראָוד איילאנד, ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן.

עס ווערט גענומען ראָל־קאָל און פאָלגענדע דירעקטאָרען זיינען אנוועזענד: ל. אַרקין, פענסילווייניע, ל. בענענסאָן, איליגאָיז; ל. בעצאהלער, ניו־יאָרק; ב. דאקסער, מישיגען; ט. דייוויס, ווירדזשיניא; י. וויניצקי, אָהייאָ; ס. לין, מאָנטריאָל, קוויבעק; ה. לין, ניו־דזשוירזי; ס. ליפשיטץ, טעקסעס; א. פעלאָוויטש, מערילאנד; א. רובין, וויסקאָנסין; מ. רייז, קאָנעקטיקוט; א. ריבוי, טאָראָנטא, אָנט.; ד. שויער, מינעסאָטא; ס. שולמאַן, מעין; און ה. שערמאַן, ראָד איילאנד.

דער סעקרעטער גיט אָפּ זיין רעפּאָרט:

טייערע פריינד:

עס טוט מיר זוירקליך זייער לייד וואָס איך מוז מיין יעצטיגען רעפּאָרט אָנפאַנגען מיט אַ דערקלערונג, ווארום דער יעצטיגער צוזאַמענפאָר איז ניט גערופען געוואָרען מיט אַ וואָך פריער, וואָס על פי שכל און יושר האָט דאָס אַזוי גענאַרפט זיין, און איניגע פון אייך האָבען דאָס מיר טאַקע וועגען דעם אויפמערקזאָם געמאַכט שריפטליך, ווייל צוליב דעם פערטען דזשולאַי וואָלט איר אַלע ניט געהאַט אַזוי פיל צייט־פאַרלוסט, ווי איר האָט מיט דעם צוזאַמענפאָר היינט.

עס איז אָבער ניט מיין שולד. איך האָב דעם נאַציאָנאַלען אָפיס לעצטען מאָנאַט געלאָזט וויסען, אַז דער צוזאַמענפאָר וועט פאָרקומען דעם ערשטען, צווייטען און דריטען יולי, און בין שוין געווען פאַרטיג מיט אַ צושריפט אייך צו לאָזען וויסען די טעג פון צוזאַמענפאָר. דער נאַציאָנאַלער אָפיס האָט מיר אָבער טעלעגראַפיש געלאָזט וויסען, אַז די אויבענדערמאָנטע טעג וועלען די קאָמיטע טשערליוט ניט זיין אין שטאָט און וועלען ניט קענען באַריכטען צו אייך, און דעריבער בין איך געצוואונגען געווען אָפּצולייגען דעם צוזאַמענפאָר אויף אַ וואָך צייט. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז כאָטש אייך איז ניט באַקוועם געווען צו קומען קיין ניו־יאָרק, וועט איר אָבער די פאַרהאַנדלונגען פירען אין זעלבען גייסט ווי די פריערדיגע צוזאַמענפאָרען.

## צושריפטען

פאַר די לעצטע זעקס מאָנאַטען האָב איך אייך געשיקט צוויי צושריפטען: איין צושריפט וועגען רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן צו העכערען דעם קראַנקען־בענעפיט, אַ געוויסע סומע, וואָס זאָל געצאָלט ווערען וועכענטליך, און ניט סתם אַבסטראַקט רעקאָמענדירען צו העכערען דעם קראַנקען־בענעפיט, ניט אָנצייגענדיג אויף וויפיל.

די ענטפערס, וואָס איך האָב געקראָגען פון אייך אויף דעם צושריפט, זיינען אָבער געווען אַזוי קאָמפּליצירט, אַז איך האָב צו קיין באַשלוס ניט געקענט קומען, און האָב געמוזט די פראַגע לאָזען גיין צו דער קאָנווענשאָן, אַזוי ווי עס איז אָנגענומען געוואָרען ביים לעצטען צוזאַמענפאָר.

דער צווייטער צושריפט איז געווען, דאָס די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט זיך אָנטזאָגט אייך צו באַוויליגען די 125 דאָלאר, וואָס איר האָט פון זיי פאַרלאַנגט, כדי די דירעקטאָרען זאָלען קענען אַרויספאָרען באַריכטען פון די צוזאַמענפאָרען אין זייערע סטייטס.

די אורזאַך, וואָס זיי האָבען אָנגעגעבען אין אָנטזאָגען אייך צו באַוויליגען די געלט, איז געווען, ווייל די לעצטע יערליכע קאָנווענשאָן האָט צוריקגעוויזען אייער פאַרלאַנג צו באַוויליגען 400 דאָלאר פאַר דעם זעלבען צוועק, און זיי קענען ניט גיין געגען דעם פאַרלאַנג פון דער קאָנווענשאָן.

איך וויל ניט אַריינגיין אין איינצעלהייטען, צי זייער טענה איז אַ גערעכטע, אָדער ניט, דער פאַקט אָבער איז, דאָס איניגע דירעקטאָרען זיינען אַרויסגעפאָרען באַריכטען אין זייערע סטייטס, איידער זיי האָבען געוואוסט פון דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, און דער יעצטיגער צוזאַמענפאָר וועט דאַרפען געפינען אַ וועג ווי אַזוי אומצוקערען די אויסגאַבען, וואָס זיי האָבען געהאַט, צו די דירעקטאָרען, דינענדיג די אינטערעסען פון א. ר. די מיטגלידערשאַפט פאַרלאַנגט געוויס ניט פון זיי, אַז אויסער צייט־פאַרלוסט זאָלען זיי אויך דאַרפען צאָלען די באַן־געלט פון זייערע אייגענע קעשענעס.

## אַפּילס

ביי דעם היינטיגען צוזאַמענפאָר וועט איר האָבען צו פאַרהאַנדלען מער אַפּילס ווי איר האָט געהאַט ביז יעצט.

דער זייער פּראַקטישער וועג, וואָס איר האָט אָנגענומען ביים לעצטען צוזאַמענפאָר, אַז אַלע אַפּילס זאָלען אויפגענומען ווערען דעם ערשטען טאָג פון צוזאַמענפאָר, כדי איר זאָלט האָבען גענוג צייט צו באַטראַכטען זיי, און זייענדיג זיכער, אַז אויך ביים היינטיגען צוזאַמענפאָר וועט איר זיך אַזוי פירען, האָב איך דעריבער אַרויסגערופען אַלע אַפּעלאַנטען צו דער צווייטער זיצונג, ד. ה. אויף היינט נאָכמיטאָג, אַז זיי זאָלען קומען און איבערגעבען זייערע טענות און גרונדען וואָרום זיי אַפּעלירען, און איך האָף, אַז איר וועט דעם טאָג־אָרדענונג טאַקע אָננעמען אין דעם זעלבען אָרדער ווי לעצטען מאָל.

## רעקאָמענדאַציעס

דאָס איז דער לעצטער צוזאַמענפאָר, וואָס איר גייט האָבען. דער קומענדער צוזאַמענפאָר וועט באַשטיין פון אַ נייעם פּערזאָנאַל אין די ב. א. ד., אַמווייניגסטען די מאַיאָריטעט וועט זיין אַזעלכע.

זיי וועט נאָך זיין די אַרבעט פון די דירעקטאָרען אומבאַקאַנט, און דעריבער וואָלט געווען זייער פּראַקטיש, ווען איר זאָלט זיי איבערגעבען איניגע רעקאָמענדאַציעס ווי צו פאַרבעסערען די אַרבעט פון די נ. ב. א. ד., איבערהויפּט זאַכען וואָס דאַרפען רעקאָמענדירט ווערען צו דער קומענדער קאָנווענשאָן

זייער וויכטיג וואָלט געווען, ווען איר רעקאָמענדירט צו זיי, אַז די זיצונגען פון די נ. ב. א. ד. זאָלען פאָרקומען אין די מאָנאַטען אָקטאָבער און פעברואַר, אנשטאט ווי ביז יעצט אין יולי און יאַנואַר, ווייל אין מאָנאַט יולי קען די נאָר וואָס אַריינגייענדע אין אַמט עקזעקוטיוו גאָרניט באַריכטען, ווייל דאָס איז אַ קורצע צייט בלויז נאָך זייער אינסטאָליישאָן.

אויך זאָל נאָכאַמאָל פאַר דער קומענדער קאָנווענשאָן פאָרגעבראַכט ווערען דער פאַרלאַנג צו באַוויליגען אויסגאַבען פאַר די דירעקטאָרען צו קענען פאָרען באַריכטען אין זייערע סטייטס. ווען דער פאַרלאַנג ווערט ניט באַוויליגט, איז דער דירעקטאָר בלויז אַ לאָקאַלער דירעקטאָר פון דער שטאָט, וואו ער וואוינט און ניט קיין סטייט־דירעקטאָר, ווייל ניט האָבענדיג קיין פאַרבינדונגען מיט די איבעריגע טיילען פון סטייט ווייסט ער גאַנץ ווייניג וואָס עס קומט דאָרט פאָר, און די ברענטשעס און מעמבערס ווייסען ניט וואָס עס קומט פאָר אין נאַציאָנאַלען אָפיס, און די ווירקונג פון דער אַרבעט פון די דירעקטאָרען ווערט דערמיט פאַרלאָרען.

ווי איך האָב שוין אויבען דערמאָנט, איז דער צוזאַמענפאָר דער לעצטער, וואָס איר גייט האָבען, און, זעלבסטפאַרשטענדליך, איז דאָס אויך מיין לעצטער רעפּאָרט אַלס אייער סעקרעטער.

איך וויל בלויז אין איניגע ווערטער אויסדריקען מיין אינערליכען דאַנק צו אייך פאַר דעם צוטרויען, וואָס איר האָט צו מיר געהאַט, וואָס איר האָט דאָס אויך אָפט אַרויסגעוויזען אין אייערע האַנדלונגען פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב פאַרנומען דעם אַמט אַלס אייער סעקרעטער.

די אַרבעט איז פיל מאָל געווען אַ גאַנץ שווערע, נאָר אייערע חבר'שע געפילען זיינען אַלעמאָל געשטאַנען פאַר מיינע אויגען, און דער געפיל איז געווען אַ גרויסע הילף אין די שווערע מאָמענטען.

אין מיין פיליאָריגער טעטיגקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג וועלען די צוויי יאָר אַרבעט מיט אייך זיין איינע פון די שענסטע עראינערונגען אין מיין לעבען.

איך גיב איבער מיין דאַנק צו אייך אין איניגע ווערטער, וועלכע וואָלטען געדאַרפט פאַרנעמען פיל מער; אין די איניגע ווערטער אָבער, וואָס איך דריק יעצט אויס, איז אַריינגעוועבט אַ גרויס שטיק פון מיין האַרץ און אַ גרויסער טייל פון מיין נשמה.

ווינשענדיג אייך, אַז דער צוזאַמענפאָר זאָל געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג, און האָפענדיג צו טרעפען אייך אין דער צוקונפט און צוזאַמען אַרבעטען פאַר די „אידישע“ און „אַרבעטער“ אינטערעסען, פאַרבלייב איך

אייער,

ל. אַרקין, סעק.

ס. ליפשיץ, נאַצ. דירעקטאָר פון טעקסאַס

דער פאלגענדער טאג־ארדענונג ווערט אנגענומען:

א) לעזען צושריפטען; ב) רעפארט פון סאניטאריום באזוכונג קאמיטע; ג) רעפארט פון קאנווענשאן; ד) נאצ. גריוועגס קאמיטע בעריכט; ה) אויסהערען אפילס; ו) אננעמען באשלוסען וועגען אפילס; ז) באריכט פון נאצ. טשערמאן; ח) באריכט פון נאצ. סעקרעטער; ט) באריכט פון רעדאקטער פון „פריינד“; י) באריכט פון נאצ. סאניטאריום קאמיטע; יא) באריכט פון נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע; יב) באריכט פון נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע; יג) באריכט פון נאצ. בענעפיט קאמיטע; יד) באריכט פון נאצ' אפים קאמיטע; טו) רעקאמענדאציעס צו דער קומענדער נ. ב. א. ד.; טז) וואויל און בעסטען; יז) שלום.

שייער, מינעסאטא: שלאגט פאר, אז מ'זאל פארלעזען צוויי צושריפטען, וועלכע זיינען ארויסגעשיקט געווארען צו אלע ברענטשעס פון די בר. 225 און 620. — פארשלאג גייט דורך. די צושריפטען ווערען פארגעלעזען.

לין, קוויבעק: שלאגט פאר, אז די נ. ב. א. ד. זאל ארויסשיקען א דערקלערונג צו די ברענטשעס, ווארום זיי האבען אנטייל גענומען אין דער ספעציעלער קאנווענשאן.

בענענסאן, איליגאיז: איז דאגעגען, אז מען זאל זיי ענטפערן. ליגס פארשלאג גייט דורך.

א קאמיטע אנצושרייבען די דערקלערונג ווערט ערוויילט: ארקין, פענסילוועניע; לין, ניו־דזשוירזי, און שייער, מינעסאטא.

עס ווערט באשלאסען, אז אלע אפילס זאלען פארגעלעזען ווערען צו דער נאכמיטאג זיצונג, איידער יעדער אפיל ווערט פארגענומען.

דער סעקרעטער לעזט פאר צושריפטען:

1) איייניגע צושריפטען פון דזש. אפים, וואו זיי בעטען, אז דער צוזאמענפאר זאל אפגעלייגט ווערען אויף עטליכע טעג. 2) א צושריפט פון פ. געליבטער, אסיסטענט סעקרעטער, וואו ער לאזט וויסען, אז מען קען ניט נאכגעבען דעם פארלאנג פון סעקרעטער צו האבען א סטענאגראפער, וועלכע זאל פראטאקאלירען די מינוטס ביי דעם צוזאמענפאר, ווייל אין „ניו־יארק“ קען מען ניט קריגען קיין אידישע סטענאגראפערס. 3) א צושריפט פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו, וואו זיי אנטזאגען דעם פארלאנג פון די דירעקטארען צו באוויליגען 125 דאלאר, אום די דירעקטארען זאלען קענען פארען באריכטען אין זייערע סטייטס.

א קאמיטע פון ברענטש 147 פארלאנגט, אז מען זאל אויסהערען אן אפיל געגען דער עקז. קאמיטע. זייער פארלאנג ווערט באוויליגט.

נאכדעם ווי די קאמיטע ווערט אויסגעהערט, ווערט באשלאסען, אז דער גאנצער אפיל זאל אויפגענומען ווערען פרייטאג נאכמיטאג אין דער אנוועזענהייט פון נאצ. טשערמאן.

עס ווערט באשלאסען ארויסצורופען דעם אפעלאנט יעקב לעווין פאר פרייטאג פרי, ווען זיין אפיל וועט אויפגענומען ווערען.

פר. ארקין באריכטעט, אז דורך א פארזען איז אין דזש. אפים געלעגען אן אפיל פון בר. 82 א לאנגע צייט, און דאס איז אים יעצט איבערגעגעבען געווארען. דער אפיל איז שוין לאנג געשליכטעט געווארען.

עס ווערט באשלאסען צו טייבלען דעם אפיל.

פר. וו. ליבין, מיטגליד פון בר. 206, פארלאנגט, אז די דירעקטארען זאלען אויסהערען זיין אפיל.

סעקרעטער ארקין דערקלערט, אז נאכדעם ווי מ'האט ביים לעצטען צוזאמענפאר גוטגעהייסען דעם באשלוס פון ברענטש פאר שטראפירען פר. ליבין מיט 25 דאלאר, ווייל ליבין איז ניט געקומען דערקלערען זיין אפיל, האט ער דערהאלטען א בריף פון אים, וואו ער דערקלערט, אז ער האט ניט געקענט קומען צוליב קראנקהייט און ער בעט, אז מען זאל נאכאמאל אויפנעמען זיין אפיל.

רייס, קאנעקטיקוט: שלאגט פאר, אז מען זאל צוריקרופען דעם פריערדיגען באשלוס וועגען דעם אפיל. פארשלאג איז דורכגעגאנגען.

בעצאהלער, ניו־יארק: שלאגט פאר, און עס ווערט אנגענומען, אז די נאצ. גריוועגס קאמיטע זאל אויפנעמען דעם אפיל און רופען פר. ליבין און א קאמיטע פון בר. צו זייערען א מיטינג.

טערמיט שליסט זיך די ערשטע זיצונג.

## צווייטע זיצונג

צווייטע זיצונג, דאנערשטאג נאכמיטאג, מיט ל. בעצאהלער, ניו־יארק, אלס טשערמאן.

### סאניטאריום באזוכונגס קאמיטע באריכט

דאקסער, מישיגען: גיט איבער דעם וואונדערבארען איינדרוק, וואס דער סאניטאריום האט אויף אים געמאכט, אבער זייער א שלעכטען איינדרוק האט אויף אים געמאכט דער „לייק“. מען וועט דאס מוזען ענדערען אזוי, דאס עס זאל פארשענערען אנשטאט פאר'מיאוס'ן דעם סאניטאריום.

די נאצ. סאניטאריום קאמיטע גייט מאכען עקאנאמיע אין סאניטאריום. דער דאקטער דערקלערט, אז מ'וועט ניט צונעמען פון די פאציענטען קיינע נויטוועגדיגע זאכען, מ'וועט בלויז שפארען פון זאכען וואס זיינען, לויט זיין מיינונג, איבעריג.

די פאציענטען באקלאגען זיך בלויז, ווארום מ'פרעגט זיי ניט די אורזאך ווארום זיי אנטזאגען זיך עסען אמאל.

ריבא, אנטאריא: באדאנקט פאר דעם כבוד, וואס מען האט אים געשיקט אין סאניטאריום. ער זאגט, אז די פאציענטען פילען זיך גוט. דער דאקטער האט זיי דערקלערט, אז ענדערונגען גייען געמאכט ווערען, נאר וואס די ענדערונגען וועלען זיין ווייסט ער נאך ניט, ווייל די קאמיטע ארבעט דאס יעצט נאך אויס.

ביידע קאמיטע־לייט רעקאמענדירען, אז דער מענעדזשער און דאקטער זאל ניט זיין איין פערזאן, ווייל עס איז איינפאך שווער פאר איין מענשען אלץ גוט צו באאבאכטען; אויך זאלען די סאניטאריום גראונדס געהאלטען ווערען שענער.

בעצאהלער, ניו־יארק: באריכטעט, אז ער האט פארטראטען די נ. ב. א. ד. ביים יאר־פעסט אין סאניטאריום. דארטען איז צוליב דעם יום־טוב געווען א קאנצערט. אויך זיינען געהאלטען געווארען רעדעס. צוויי האבען גערעדט אין נאמען פון די פאציענטען. פון זייער רעדען האט מען געקענט ארויסנעמען, אז זיי זיינען צופרידען מיט דער נייער אדמיניסטראציע. זיי האבען אבער אויך פארלאנגט, אז מען זאל אזוי פיל באזוכער ניט אריינלאזען אין סאניטאריום, און בויען א פלאץ, וואו א פאציענט זאל קענען זיצען א שטונדע און ניט זיין געשטערט פון די איבעריגע פאציענטען; אויך זאל מען זיך אריינטראכטען וועגען די פאציענטען, וואס פארלאזען דעם סאניטאריום, אז זיי זאלען קריגען אזא באשעפטיגונג, אז מען זאל ווידער ניט קראנק ווערען.

די באריכטען ווערען אנגענומען און די קאמיטע־לייט ווערען באדאנקט.

---

עס ווערען אויפגענומען אפילס.

1) בר. 288, דורך פר. בריק און גוסמאן, אפעלירען געגען דער גריוועגס קאמיטע אין פארקלענערען די שטראף אויף פר. רובין פון זייער ברענטש, וואס דער ברענטש האט אויף אים ארויפגעלייגט, דערפאר וואס ער איז געווען א פארמאן אין א שאפ, וואס די בעלי־בתים האבען געעפענט אין פאקיפסי, נאכדעם ווי עס איז ארויסגערופען געווארען א סטרייק אין זייער ניו־יארקער פעקטארי, און דער זעלבער רובין האט געהאלפען לערנען די סטרייק־ברעכער די ארבעט.

א קאמיטע פון ברענטש האט זיך צו אים געווענדט, אז ער זאל פארלאזען דעם שאפ. ער האט זיי אלעמאל צוגעזאגט פאלגען און ער האט אבער זיין צוזאג נים דערפילט. ער איז אן אלטער מיטגליד פון א. ר. און ער האט גוט געוואוסט, אז מיט זיין ארבעטען ברעכט ער די פרינציפען פון א. ר.

פר. רובין, וועלכע איז אויך אנוועזענד, דערקלערט, אז צוליב א קריג מיט די ארבעטער פון זיין שאפ האט ער דאס געטאן אויף צו להכעיס.

רייס, קאנעקטיקוט: שלאגט פאר, אז מען זאל צוריקווייזען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע און גוטהייסען די פארגרעסערטע שטראף פון ברענטש.

דייוויס, ווירדזשיניא: אמענדירט, אז מען זאל גוטהייסען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע און פארלייכטערען די שטראף.

נאך א לאנגער דעבאטע ווערט די שטראף, וואס דער ברענטש האט אויף אים ארויפגעלייגט, מיט 9 שטימען געגען 2, גוטגעהייסען.

דייוויס, ווירדזשיניא, און שולמאן, מעין, האבען געשטימט געגען דעם.

2) אפיל פון בר. 168, אויך פון פר. גאף, מיטגליד פון זעלבען ברענטש, געגען דער נאצ. גריוועגס קאמיטע.

פר. גאף, וועלכער איז פון ברענטש געשטראפט געווארען פאר ארבעטען אין צייט פון פיינטער סטרייק אין נוארק, האט אפעלירט צו דער גריוועגס קאמיטע, וועלכע האט געענדערט די שטראף אויף 25 דאלאר. ביידע צדדים האבען אפעלירט געגען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע.

דער ברענטש איז געווען פארטראטען דורך א קאמיטע פון דזשייקאב דיסענט און י. אלפערט. פר. גאף איז אליין אנוועזענד געווען און באוויזען, אז ער איז א באס פיינטער און איז פארבונדען מיט א שותף, און יענער האט געארבעט אליין, ניט באשעפטיגענדיג קיין ארבעטער, אויף א געוויסען פלאץ אין צייט פון סטרייק.

די דירעקטארען הייסען גוט דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאם.

3) אפיל פון בר. 180 געגען דער נאצ. גריוועגס קאמיטע וועגען זייערען א מיטגליד, וועלכער האט זיך געלאזט שטרייכען דורך א מיספארשטענדניס און איז דערווייל קקאנק געווארען. דער ברענטש־סעקרעטער האט אוועקגעשיקט זיין רעאינסטייטמענט צוזאמען מיט די סיק־סערטיפיקייטס. די אפים קאמיטע האט זיך אנטזאגט אים צו רעאינסטייטען דערפאר וואס דער רעאינסטייטמענט־בלאנק איז אנגעקומען נאך דער צייט לויט דער קאנסטיטוציע. די גריוועגס קאמיטע האט גוטגעהייסען דעם באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע. דער ברענטש איז אבער מיט דער מיינונג, אז דא איז געווען א מיספארשטענדניס און דער מיטגליד זאל ווערען צוריק אריינגענומען.

דער אפיל ווערט צוריקגעוויזען און דער באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

4) אפיל פון ל. שווארץ, מיטגליד פון בר. 320, געגען דער גריוועגס קאמיטע פאר גוטהייסען די שטראף, וואס דער ברענטש האט אויף אים ארויפגעלייגט.

ווי עס צייגט זיך ארויס פון אפיל, האט שווארץ, וועלכער איז אליין א באס, געהאלפען גרינדען אן אינדעפענדענט יוניאן, נאכדעם

וי די „דזשוירנימענס מיליאָר יוניאָן" האָט אַרויסגערופען אַ סטרייק אין דעם ליין. דער ברענטש האָט אים געפונען שולדיג, און די גריווענס קאָמיטע האָט גוטגעהייסען. זיין אַפּיל ווערט צוריקגעוויזען און דער באַשלוס פון דער גריווענס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

5) אַפּיל פון בר. 204 געגען דער גריווענס קאָמיטע אין פאַרקלענערען די שטראָף, וואָס זיי האָבען אַרויפגעלייגט אויף אַ מיטגליד דערפאַר וואָס ער האָט געצוואונגען אים געבען אַ העלפט פון אַ געוויסער סומע געלט, נאָכדעם ווי ער האָט געבראָכען אַ קאָנטראַקט.

לויט דער דערקלערונג פון דער גריווענס קאָמיטע, האָט דער באַטרעפענדער געהאַט אַ פולקאָמען רעכט די סומע צו מאָנען, און דער אַפּיל ווערט צוריקגעוויזען.

6) אַפּיל פון ס. שוסטערמאַן, מעמבער עט לאַרדזש, פאַר אַנטזאַגען אים בענעפיט פאַר 6 וואָכען, ווערט פאָרגעלעזען.

דער דזשענעראַל אָפּיס מאַכט אויפמערקזאַם, אַז זיי האָבען קיינמאָל ניט דערהאַלטען קיין אַפּיל פון שוסטערמאַן אין דער צייט וואָס איז דערלויבט לויט דער קאָנסטיטוציע. ער טענה'ט אָבער, אַז ער האָט דעם אַפּיל יאָ געשיקט, נאָר מן הסתם איז דאָס פאַרלאָרען געגאַנגען.

דייוויס, ווידזשיליא, שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל דעם אַפּיל אויפנעמען, און דער פאָרשלאַג גייט דורך.

דער אַפּיל ווערט אָבער צוריקגעוויזען דערפאַר, ווייל די סערטיפיקייטס זיינען ניט געזעצליך אויסגעפילט געוואָרען.

פר. העסקעל פון דער גריווענס קאָמיטע ווערט באַדאַנקט פאַר דערקלערען דעם שטאַנדפונקט פון דער גריווענס קאָם. אין די אַלע אַפּילס. דערמיט שליסט זיך די צווייטע זיצונג.

## דריטע זיצונג

דריטע זיצונג, פרייטאג דעם 8־טען יולי, אין דער פרי, מיט פר. ליפשיטץ, טעקסעס, אַלס טשערמאַן.

ל. אַרקין, דעלעגאַט צו דער לעצטער קאָנווענשאָן, גיט אָפּ זיין באַריכט.

„די לעצטע קאָנווענשאָן" — גיט ער איבער — „איז געווען די אינהאַלטסלאָזסטע קאָנווענשאָן, וואָס ער האָט ווען עס איז בייגעוואוינט. עס האָט געפעלט ענטוזיאַזם, וואָס מען געפינט ביי אַנדערע קאָנווענשאָנס; עס האָט געפעלט די אינטעליגענץ, און עס איז געווען אַ גרויסער גוף אָן אַ נשמה.

„די פּרעסע האָט שוין וועגען דעם געשריבען; זיי האָבען אָבער ניט אָנגעגעבען די ריכטיגע אורזאַכען.

„די הויפּט־צרה איז, וואָס אַלע יאָר פאָרען צום גרעסטער טייל די זעלבע דעלעגאַטען. זיי ווייסען פאָראויס וואָס דאָרט וועט פאָרקומען. ווי פעלט די באַגייסטערונג, וואָס אַ דעלעגאַט האָט, ווען ער פאָרט צום ערשטען מאָל צו אַ קאָנווענשאָן; עס פעלען אויך רעפעראַטען פון פּערזאָנען, וועלכע קענען געבען אַן אָפּהאַנדלונג וועגען געוויסע פראַגען, זאָגאַר וועגען אינשורענס פון אַ וויסענשאַפטליכען שטאַנדפונקט. אנשטאַט דעם האָבען מיר כבוד'מלאַך, וואו דער פון יעדער קאָמיטע גיט אָפּ באַזונדער אַ רעפּאָרט, אנשטאַט איין רעפּאָרט פון נאַציאָנאַלען טשערמאַן, וועלכער זאָל אַריינכעמען די טעטיגקייט פון אַלע קאָמיטעס, און די איבעריגע צייט זאָל מען בעסער דעבאַטירען ווי צו פאַרשענערען דעם אַ. ר.

„אין מיין באַריכט צו דער קאָנווענשאָן, צו דער צווייטער זיצונג, האָב איך געוואָלט אָנפאַנגען דערציילען וועגען דער ספּעציעלער קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען, ניט אַלס אַ רעפּאָרט פון דער ספּעציעלער קאָנווענשאָן, נאָר אַלס פּאַסירונג, האָט מיר גלייך פר. עפּשטיין געסטאַפּט און ניט געלאָזט ווייטער באַריכטען.

„עס איז געוואָרען ביי דער קאָנווענשאָן אַ שטיקעל טומעל, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז פרייטאָג פרי זאָל זיין אַן עקזעקוטיוו זיצונג, וואו איך זאָל אַלץ באַריכטען. צום באַדויערן איז פרייטאָג פרי קיין עקזעקוטיוו סעשאָן ניט געווען, און עס האָט זיך זאָגאַר ניט געפונען איין דעלעגאַט, וועלכער זאָל פרעגען די אורזאַך.

„איך האָב דורכגעפירט אייער שליחות און בין געווען פאַרטראָטען ביי די פאַרשידענע קאָנווענשאָן קאָמיטעס דורכצופירען אייערע רעקאָמענדאַציעס.

„די אָפּיסערס רעפּאָרט קאָמיטע האָט צוריקגעוויזען אייער באַשלוס, וואָס איר האָט אָנגענומען. די קאָמיטע איז געגאַנגען מיטען שבת נאָכמיטאָג, ווען איך האָב געדאַרפט פאַרלאָזען באָסטאָן, און האָב זאָגאַר דאָרטען ניט געקענט אנוועזענד זיין. אין דער קאָמיטע איז געווען אַ מיטגליד פון דער גריווענס קאָמיטע, וועמעס באַשלוס מיר האָבען צוריקגעוויזען. זעלבסטפאַרשטענדליך, ניט האָבענדיג דאָרטען ווער עס זאָל פאַרטיידיגען אייער שטאַנדפונקט, איז אייער באַשלוס צוריקגעוויזען געוואָרען."

ער באַדאַנקט פאַר דער ערע, וואָס מען האָט אים געשיקט צו דער קאָנווענשאָן.

דער רעפּאָרט ווערט מיט דאַנק גוטגעהייסען.

## באַריכט פון נאַציאָנאַלען טשערמאַן

פר. ר. גוסקין, נאַציאָנאַלער טשערמאַן, גיט אָפּ זיין באַריכט.

קיין סך קען ער נאָך ניט באַריכטען, ווייל די עקזעקוטיוו האָט געהאַט בלויז צוויי מיטינגען, נאָר וועגען אייניגע זאַכען קען ער שוין יאָ באַריכטען.

אין קענעדע איז צרות מיט'ן אינשורענס קאָמישאָנער, וועלכער פאַרלאַנגט „פּראָטוירנאַל רייטס" אויף קראַנקען־בענעפיט. עס איז יעצט אַן אוממעגליכקייט דאָס דורכצופירען. פר. באַסקין איז אַהין געפאָרען, און דער קאָמישאָנער האָט איינגעשטימט צו וואַרטען אַ יאָר, ביז דער קומענדער קאָנווענשאָן. ווי עס ווייזט אויס פון שפּעטערדיגע בריף, האָט ער שוין חרטה געקראָגען.

די דעפּאָזיטען אין פאַרשידענע פאָנדס קענען אַמאָל שטערען אין דער אַרבעט. דער אַדמיניסטריישאָן פאָנד האָט אַ דעפּאָזיט אויף 5 טויזענד דאָלאַר. די איינציגע פאָנדס, וועלכע האָבען אַ סורפּלוס, זיינען דער קראַנקען־בענעפיט פאָנד און סאַניטאַריום בילדינגס פאָנד.

די סאַניטאַריום קאָמיטע גייט מאַכען עקאָנאָמיע אין סאַניטאַריום. לעצטען יאָר זיינען אין סאַניטאַריום געווען ווייניגער מיט 10 פּאַציענטען אַ טאָג, דאָך האָט דאָס געקאָסט מיט 16 טויזענד דאָלאַר מער אים אויפצוהאַלטען. ער קען אָבער נאָך ניט זאָגען וואָס מ'וועט טאָן.

דער ענטפער פון אינדעפּענדענט אַ. ר., אַז זיי וועלען אָנהאַלטען די זעלבע „פריינדליכע" באַציאונגען מיט דעם אַ. ר., ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט געמוזט געענטפערט ווערען מיט שטאַרקער ענערגיע צו גרינדען נייע ברענטשעס אין מאַסס. סטייט. מ'דענקט דאָרט אָנצושטעלען אַן אָרגאַניזער.

ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף די צוויי אַפּילס, וואָס וועלען פאָרקומען פאַר די דירעקטאָרען געגען דער נאַצ. עקז., נעמליך, די אַפּילס פון בר. 147 און יעקב לעווין.

ווי אין די פריערדיגע יאָרען, וועט מען אויך דעם יאָר אָנפירען אַ קאַמפּיין פאַר די מלחמה־קרבנות, דעם יאָר, אָבער, האָט די עקזעקוטיוו נאָך ניט באַשלאָסען ווי דאָס געלט זאָל איבערגעשיקט ווערען. דאָס לאָזט מען איבער שפּעטער צו באַשליסען.

דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט יעצט אַ דעפּאָזיט פון 49 טויזענד דאָלאַר. די עקז. קאָמיטע האָט געמאַכט אַן אַסעסמענט פון 25 סענט אַ קוואַרטאַל פאַר צוויי קוואַרטאַלען און דאָס וועט דעקען דעם דעפּאָזיט.

מ'וועט אויך דורכפירען אין לעבען די 1000־דאָלאַרדיגע פּאָליסים.

מ'האָט באַשלאָסען אַרויסצושיקען אַן ענטפער צו די ברענטשעס אויף דער אַטאַקע, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון בר. 225 אויף דער עקז. קאָמיטע און נאַצ. דירעקטאָרען.

ער ענדיגט דערמיט, וואָס יעדע קאָמיטע האָט גוטע פּלענער, און וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ גוטער ווילען, וועט מען קענען טאָן אַרבעט.

פר. גוסקין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

## אָפּיס קאָמיטע רעפּאָרט

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער אָפּיס קאָמיטע, גיט אָפּ זיין באַריכט.

די קאָמיטע האָט זיך אינסטאַלירט דעם 25טען מאַי. זיי האָבען גלייך ערוויילט די נייטיגע סאָב־קאָמיטעס, ווי אַ פינאַנץ קאָמיטע, וועלכע קוקט איבער צי אַלע דעפּאָזיטס ווערען ריכטיג געמאַכט, אויך קוקען זיי איבער די אַלע „וואַוטשערס", און אַן אוידיטינג קאָמיטע, וועלכע זעט ווי דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט ווערט געפירט.

אין אָפּיס געפינען זיך יעצט 23 אָנגעשטעלטע. לעצטענס איז געווען אַביסעל צרות מיט אַן אָנגעשטעלטען אין אָפּיס, ווען די יוניאָן, צו וועלכער די אָנגעשטעלטע באַלאַנגען, האָט געמאַכט אַ געוויסע פאָדערונג פאַר אים, וואָס מען האָט דאָס ניט געקענט נאָכגעבען. דאָס איז אָבער שנעל געשליכטעט געוואָרען.

די 1000־דאָלאַרדיגע פּאָליסים גייען באַלד אַריין אין קראַפט. די מיטגלידער, וועלכע וועלען האָבען די פּאָליסים, וועלען דאַרפען צאָלען פאַר די איבעריגע 600 דאָלאַר עקסטרא אַסעסמענטס.

די 9 טויזענד דאָלאַר פון דעם סאָלדאַטען־פאָנד אין צייט פון מלחמה האָט מען געטרענספערירט פאַר אַן עמוירדזשענסי פאָנד פאַר קראַנקע מיטגלידער.

לעצטענס האָבען זיי געקויפט פאַר 69 טויזענד דאָלאַר באָנדס.

זיי האָבען אויך אָנגעפאַנגען זען, אַז קיינע ברענטשעס זאָלען ניט בלייבען שולדיג מער ווי 10 פּראָצענט פון ביל, לויט די רולס פון אָפּיס. די באַלאַנסעס פון די ברענטשעס באַטרעפען יעצט פון 60 ביז 70 טויזענד דאָלאַר.

פר. ראָזענבלאַט ווערט באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

## גענעראַל סעקרעטערס באַריכט

פר. באַסקין גיט אָפּ זיין באַריכט.

די לעצטע 6 מאָנאַטען, פון לעצטען צוזאַמענפאָר ביז דעם צוזאַמענפאָר, איז פאָרגעקומען נייס אין אַ. ר. מ'האָט געקראָגען דעם טשאַרטער אין מאַסס. סטייט. די לעצטע מאָמענטען זיינען געווען די שווערסטע, ווייל די שונאים פון אַ. ר. האָבען ניט גערוט אַפילו אַ מינוט און האָבען זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, זאָגאַר פאַר מסירות, און זאָגאַר צו דער ערעפענונג פון קאָנווענשאָן האָבען זיי פאַר'מסור'ט דעם אַ. ר. צו דער פּאָליציי, און דערפאַר האָט די פּאָליציי דעם פּאַראַד פערמיט צוריקגעצויגען.

יעדע קליינגקייט, וואָס קען שאַדען דעם אַ. ר., ווערט דאָס נאָך אויך איצט איבערזעצט און איבערגעשיקט צום אינשורענס קאָמישאָנער, און דעריבער איז דער זיג נאָך גרעסער, רעכענענדיג זיך מיט די שטערונגען פון די מוסרים.

דער אינשורענס קאָמישאָנער פון וויסקאָנסין סטייט האָט יעצט געשטעלט אַ פאָדערונג צו האָבען „פייד אַפּ פּאָליסיס", און ביי דער קומענדער קאָנווענשאָן וועט מען וועגען דעם זיך מוזען אַריינטראַכטען.

מען וואַרט אויף דער צושטימונג פון אינשורענס קאָמישאָנער אין מאַסס. סטייט, אַז דער לייבאָר־ליג זאָל אַריינגענומען ווערען אין אַ. ר. מיט דעם אַריינגיין פון לייבאָר־ליג אין אַ. ר. וועט די וואַליואיישאָן פון אַ. ר. אַביסעל פאַלען, אָבער עס וועט זייער ווייניג שאַדען דעם אַ. ר., ווייל יעצט איז אונזער וואַליואיישאָן מיט 6 פראָצענט מער.

דער אינשורענס קאָמישאָנער פון קענעדע האָט געאָרדערט מער קיין מיטגלידער ניט אַריינצונעמען אויף קראַנקען־בענעפיט, צוליב דעם וואָס מיר האָבען ניט קיין פראַטוירנאַל רייטס אויף קראַנקען־בענעפיט. דער עקטשוערי מאַכט יעצט טאַבעלען, זויפיעל עס וועלען זיין די קאָסטען אויף קראַנקען־בענעפיט לויט די יאָרען, אויב פראַטוירנאַל רייטס זאָלען אָנגענומען ווערען.

די אַרבעט אין אָפיס איז פיל פאַרגרעסערט געוואָרען, און דער אָפיס איז צו קליין.

צוליב דעם קריזיס לאָזען זיך מער מיטגלידער שטרייכען. ער וואָרנט, אַז מען זאָל זען, דאָס מעמבערס זאָלען ניט האָבען קיין גרויסע באַלאַנסעס פון איין קוואַרטאַל אויף דעם צווייטען, ווייל עס איז אויך פאַך שווער צו צאָלען גרויסע בילס, ווען עס קלייבט זיך צוזאַמען.

פר. באַסקין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

דערמיט שליסט זיך די דריטע זיצונג.

## פערטע זיצונג

פערטע זיצונג, פרייטאָג נאָכמיטאָג, מיט י. וויניצקי, אָהייאָ, אַלס פאָרזיצענדער.

עס ווערען אויפגענומען אַפּילס.

7) אַפּיל פון יעקב לעווין געגען דער נאַצ. עקז. קאָמיטע. פריינד לעווין, וועלכער איז אַנוועזענד, דערקלערט, אַז ער אַפּעלירט אויס פאָלגענדע גרונדען:

ביים לעצטען רעפערענדום צו ערוויילען אַן עקז. קאָמיטע איז ער אויך געלאָפען אַלס אַ מיטגליד אין דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. ער איז ניט ערוויילט געוואָרען. ער האָט אָבער געקראָגען אַ גענוגענדע צאָל שטימען צו זיין דער ערשטער סאָבסטיטוט. פר. האָפמאַן, איינער פון די ערוויילטע, איז אַרויסגעפאַלען, ווייל ער איז אין לאַנד ניט געווען. אויף זיין פּלאַץ האָט די עקז. געדאַרפט צוציען אים (לעווין), ווייל ער האָט געקראָגען די נעקסטע צאָל שטימען, נאָר אַנשטאָט אים האָט די עקז. גאָר צוגעציגען אַ צווייטען.

פר. גוסקין, נאַציאָנאַלער טשערמאַן, דערקלערט, אַז פר. לעווין איז אַן אָנגעשטעלטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ד. ה. פון דער אַ. ר. שולען־קאָמיטע, און עס איז שוין אַ געזעץ פון יאָרען, אַז קיין אָנגעשטעלטער פון אַ. ר. קען ניט זיין אין דער זעלבער צייט אויך אַן עקזעקוטיוו מיטגליד.

עס אַנטוויקעלט זיך אַ דעבאַטע, צי אַ לערער אָדער אַן אַנדער אָנגעשטעלטער אין אַן אַ. ר. שולע ווערט גערעכענט פאַר אַן אַ. ר. אָנגעשטעלטען, און עס ווערט באַשלאָסען, אַז קיין לערער אָדער אירגענד ווער, וואָס אַרבעט אין די אַ. ר. שולען פאַר באַצאָלט, קען ניט זיין קיין מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

8) פר. ה. פעלדמאַן, מיטגליד פון בר. 149, אַפּעלירט, אַז ביי דער קאָנפערענץ צו נאָמינירען מיטגלידער פאַר דער עקז. קאָמיטע איז באַגאַנגען געוואָרען אייניגע פעלערען, אָדער טעות׳ן אין ציילען די שטימען, און די לעצטע עקז. האָט דאָס ניט אונטערזוכט. ער ווייסט ניט, צי דאָס איז געטאָן געוואָרען אַבזיכטליך אָדער ניט.

עס ווערט באַשלאָסען אויפצופאָדערען דער עקז. קאָמיטע צו מאַכען אַן אונטערזוכונג וועגען דער פראַגע און אויסגעפינען אויב עס זיינען פאַראַן שולדיגע אין דעם; אויב יאָ, זאָלען זיי באַשטראָפט ווערען.

## רעדאַקציע פון „פריינד"

פר. י. ב. ביילין, רעדאַקטער פון „פריינד", גיט אָפּ זיין באַריכט.

אין דער אַדמיניסטראַציע פון „פריינד" זיינען אַלע מאָל פאַראַן צרות. פריער איז דאָס געווען דער פּאַפּיר־מאַנגעל, און דער „פריינד" האָט געדאַרפט צוליב דעם דערשיינען אַלע צוויי מאָנאַטען; די מיטגלידער האָבען אָבער דערפון ניט געוואוסט און האָבען דערוואַרט דעם „פריינד" אַלע מאָנאַט. דער געשריי איז געווען, אַז דער „פריינד" קומט ניט אָן. יעצט זיינען ווידער פאַראַן צרות מיט דעם פּאָסט־אָפיס, וועלכער פאַרלאַנגט, אַז די אַדרעסען פון „פריינד" זאָלען זיין אַסאָרטירט לויט די סאָב־סטיישאָנס אין יעדער שטאָט. מ׳האָט אָנגעשטעלט יעצט צוויי נייע מענשען אויסצוגלייכען אַלע אַדרעסען. די סעקרעטאָרען דאַרפען נאָר זיין פּינקטליך צו לאָזען וויסען דער אַדמיניסטראַציע, ווען אַ מיטגליד ענדערט זיין אַדרעס.

די אויסגאַבען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערען אַלע מאָל אַלץ גרעסער. די לעצטע קאָנווענשאָן האָט אויך אינסטרואירט, אַז דער „פריינד" זאָל דערשיינען מאָנאַטליך, נאָר דעם „פריינד"־פאָנד האָט מען „פאַרגעסען" צו העכערען.

קיינע רעדאַקציאָנעלע ענדערונגען ווערען ניט געמאַכט. אַ געוויסער טייל פון „פריינד" ווערט אַוועקגעגעבען דער שול־באַוועגונג. לעצטענס האָט ער איינגעלאַדען די פריינד מעדעם און פראָפ. חפץ אַנטייל צו נעמען אין „פריינד".

פר. ביילין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

## בענעפיט קאָמיטע באַריכט

פר. יאַקאָבי גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע.

ער דערקלערט, אַז אין קראַנקען־פאָנד איז יעצט פאַראַן אַ סורפּלוס פון 140 טויזענד דאָלאַר, און זיי אַרבעטען יעצט אויס אַ ליסט, וועלכע בּרענטשעס עס ציען מער בענעפיט.

## גריוועגנס קאָמיטע באַריכט

פר. וו. הערמאַן באַריכטעט פון דער גריוועגנס קאָמיטע.

קיין פיל אַפּילס האָבען זיי ניט געהאַט דערוויל. ער גיט איבער דעם אינהאַלט פון אייניגע אַפּילס, וואָס איז פאַר זיי פאָרגעקומען.

ביידע טשערליוט ווערען באַדאַנקט פאַר זייערע באַריכטען.

## סאַניטאַריום קאָמיטע באַריכט

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, גיט אָפּ זיין באַריכט.

זיי האָבען זיך אינסטאַלירט דעם 19־טען מאַי. פאַר דער קורצער צייט, כאָטש זיי האָבען פיל ניט אויפגעטאָן, דאָך האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו טאָן אַרבעט, איבערהויפּט האָבען זיי זיך אַריינגעטראַכט ווי אַזוי צו מאַכען אין סאַניטאַריום אַביסעל עקאָנאָמיע.

עס איז זייער אַ שווערע זאַך צו קריגען אַ גוטען דאָקטער, וועלכער זאָל אויך זיין אַ גוטער מענעדזשער, און ער גלויבט, אַז דער סוף וועט זיין, דאָס מען וועט מוזען האָבען אַ באַזונדער מענעדזשער, וועלכער זאָל האָבען אַ שטאַרקערען קאָנטראָל איבער די אָנגעשטעלטע, ווייל אין איין טאָג, וואָס אַ קאָמיטע־מאַן געפינט זיך אין סאַניטאַריום, קען מען אַלץ ניט אויסגעפינען.

ער גיט אייניגע איינצעלהייטען, וואו געוויסע אויסגאַבען זיינען געמאַכט געוואָרען, וואו אונטער אַ מענעדזשער וואָלטען זיי געשפּאָרט ווערען. ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף די צופיל אָנגעשטעלטע אין סאַניטאַריום, און פון די 120 טויזענד דאָלאַר, וואָס דער סאַניטאַריום קאָסט אַ יאָר, באַטרעפט אַריבער 30 טויזענד דאָס געהאַלט פון די אָנגעשטעלטע.

די מעדיצינישע זייט פון סאַניטאַריום איז זייער אַ צופרידענשטעלענדע. ביי דעם אַריינגיין פון דער נייער עקזעקוטיוו האָט מען געהאַט אַ קאָנצערט אין סאַניטאַריום.

דעם יאָר וועט מען אויך דאַרפען בויען אַ „רעקריאיישאָן" בילדינג און פאַרריכטען דעם לייק.

ער האָפט, אַז צום קומענדען צוזאַמענפאָר וועט ער קענען באַריכטען וואָס מען האָט שוין אויפגעטאָן.

פר. אַשפּיז ווערט באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

עס שליסט זיך די פערטע זיצונג.

---

אין אָוונט פאַרברענגען די דירעקטאָרען צוזאַמען ביי אַ באַנקעטעל. פר. אַרקין, סעק. פון די דירעקטאָרען, ווערט פּרעזענטירט מיט אַ גאָלדענעם זייגער פאַר זיין אַרבעט אַלס סעקרעטער פון די דירעקטאָרען.

## פינפטע זיצונג

פינפטע זיצונג, שבת דעם 9־טען יולי, 10 אַ זייגער מאָרגענס, מיט ריבא, אָנט., אַלס טשערמאַן.

עס ווערט פאָרגעלעזען דער צושריפט, וואָס וועט אַרויסגעשיקט ווערען צו די בּרענטשעס אַלס ענטפער אויף דעם צושריפט פון בר. 225. מיט אייניגע קליינע ענדערונגען ווערט דער צושריפט גוטגעהייסען.

## אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַריכט

פר. ל. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, גיט אָפּ זיין באַריכט.

ער שטעלט זיך אָפּ אין איינצעלהייטען אויף די שוועריגקייטען פון אַריינעמען די לייבאָר־ליג בּרענטשעס אין אַ. ר., אויך פון דעם קאַמפּיין, וואָס ווערט אָנגעפירט אין מאַסס. סטייט, וואו 6 נייע בּרענטשעס זיינען שוין אינסטאַלירט געוואָרען.

די קאָמיטע גלויבט ניט אין ברעכען די איגדעפּענדענט אַ. ר. בּרענטשעס, ווייל סוף כל סוף וועלען זיי זיין אַ טייל פון אַ. ר., אויב זיי וועלען ניט אַריינגיין אַלס אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע, וועלען די בּרענטשעס צו אונז איינציגווייז קומען.

זיי גייען אויך אָנפירען אַ גרויסען קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער, ווי אויך אַ קאַמפּיין פאַר מלחמה־ליידענדע, און כאָטש דער אַ. ר. איז אין פריינדליכע באַציאונגען מיט דער פּיפּעלס רעליף, דאָך האָט מען נאָך ניט באַשלאָסען וועמען איבערצוגעבען די געזאַמעלטע געלט.

די דיסטריקט קאָמיטעס טוען גוטע אַרבעט. אייניגע בּרענטשעס זיינען לעצטענס אינסטאַלירט געוואָרען און אייניגע, וואָס האָבען געהאַלטען ביים אויפלייזען זיך, האָט מען אויפגעלעבט און זיי וועלען ווידער טאָן גוטע אַרבעט.

די מעמבערס עט לאַרדזש פון געוועזענעם בר. 192, פּעטערסאָן, האָבען זיך געווענדט ווידער צו גרינדען אַ בּרענטש. נאָכדעם ווי מען האָט זיך באַראַטען מיט דער פּעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע, איז באַשלאָסען געוואָרען דערוויל זייער פאַרלאַנג נאָך ניט צו באַווילינען.

אין גיכען וועלען פאָרקומען דיסטריקט קאָנפערענצען, אויך נאָמינייש׳אָנס פאַר דירעקטאָרען אין פאַרשידענע סטייטס.

פר. דינערשטיין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

## עדיוקיישאנאל קאמיטע באריכט

פר. ה. לאנג, טשערמאן, גיט אפ זיין באריכט.

די ערשטע זאך, וואס זיי האבען געקענט טאן, איז דעריווייל מאכען דעם בודזשעט אזוי, אז עס זאלען קיין דעפיציטען ניט זיין. די קאנווענשאן האט פארגרינגערט די ארבעט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע, אראפגענומען א געוויסען טייל ארבעט מיט דעם וואס זי האט רעקאמענדירט, אז זי זאל ארבעטען צוזאמען מיט דער ארגאניזאציאנס קאמיטע.

די איינקונפט פון דעם טעקס פאר עדיוקיישאנאל ארבעט איז יעצט אריבער 23 טויזענד דאלאר א יאר. ער גיט איבער אין איינצעלהייטען, ווי אזוי דער בודזשעט איז אויסגעמאכט געווארען, און ער האפט, אז אין די שטעט, וואו עס געפינען זיך א. ר. שולען, וועט דער שכר־למוד געהעכערט ווערען אזוי, דאס די שולען זאלען ניט האבען קיין גרויסע דעפיציטען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען אויסצומאכען א פראגראם פון למודים פאר די מיטעל־שולען, און אויך אז די קינדער זאלען האבען א געוויסען עקזאמען אין די שולען.

קיין נייע ביכער גייען זיי יעצט ניט ארויסגעבען, נוייל מען האט דערלייגט לעצטען יאר א סך געלט צו די ביכער, אלענפאלס רעכנט די קאמיטע ניט ארויסצוגעבען דעם סארט ביכער, ווי דאס איז געטאן געווארען לעצטען יאר.

פר. לאנג ווערט באדאנקט פאר זיין באריכט.

דערמיט שליסט זיך די פינפטע זיצונג.

## זעקסטע און לעצטע זיצונג

זעקסטע זיצונג, שבת נאכמיטאג, מיט מ. רייס, קאנעקטיקוט, אלס טשערמאן.

עס ווערען אויפגענומען אפילס.

9) בר. 147 געגען דער נאצ. עקזעקוטיוו.

דער ברענטש אויך די נאצ. עקז. זיינען פארטראטען דורך קאמיטעס. די קאמיטע פון ברענטש דערקלערט זייער אפיל.

מיט איניגע וואכען צוריק האבען זיי דערהאלטען א צושריפט פון דער נאצ. אפיס קאמיטע, וואו זיי הייסען דעם סעקרעטער איבערגעבען די ביכער און הייסען דעם ברענטש צו מאכען נייע עלעקשאנס פאר סעקרעטער. די אורזאך וואס זיי גיבען אן איז, אז אין אן אנדער ארגאניזאציע האט מען דעם באטרעפענדען סעק. געפונען שולדיג אין א געוויסער קלאגע, און די אפיס קאמיטע, רעכענענדיג זיך דערמיט, האט דעריבער אויפגעפאדערט דעם סעקרעטער צו רעזיגנירען.

די קאמיטע פארלאנגט, אז פריער זאל די קלאגע אריינגעבראכט ווערען צום ברענטש, און אויב דער ברענטש וועט אים געפינען שולדיג, וועט ער מוזען רעזיגנירען. לויט דער קאנסטיטוציע מוז די קלאגע אזוי פארגעבראכט ווערען.

די קאמיטע פון דער עקזעקוטיוו דערקלערט פאלגענדעס: דער באטרעפענדער סעק. איז געווען א מיטגליד פון דער ניו־יארקער סיטי קאמיטע און איז געלאפען אלס דעלעגאט צו דער לעצטער קאנווענשאן, אויך אלס מיטגליד אין דער עקזעקוטיוו קאמיטע. מיט א קורצער צייט פריער איז ער געפונען געווארען שולדיג אויף א געוויסער קלאגע ביי דעם ניו־יארקער ברענטש פון „בונד“ און עס זיינען אריינגעבראכט געווארען איינווענדונגען געגען אים אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשאן, אויך אלס קאנדידאט צו דער עקז. די עקז. האט ערוויילט א קאמיטע די זאך צו אונטערזוכען, און זיי האבען אויסגעפונען, אז ער איז ווירקליך שולדיג. זיי האבען אים געהייסען זיך צוריקציען אלס דעלעגאט, אויך אלס קאנדידאט צו דער עקזעקוטיוו, און כאטש אלס דעלעגאט איז ער ערוויילט געווארען, האט ער געפאלגט און זיך צוריקגעצויגען פון ביידע פלעצער. צו דער זעלבער צייט האט ער אויך רעזיגנירט אלס מיטגליד אין דער סיטי קאמיטע.

די אפיס קאמיטע, אונטער וועמעס אויפזיכט אלע ברענטש־סעקרעטארען געפינען זיך, האט דעריבער אים אויפגעפאדערט זיך צוריקציען אלס סעקרעטער.

עס ווערט באשלאסען צו ענטפערען דעם ברענטש, אז די נאציאנאלע באַרד אוו דירעקטארען רעקאמענדירט זיי פריער איבערצוקוקען די פראצעדורע פון דער „קיים“, וועלכע געפינט זיך אין די הענט פון דער עקזעקוטיווע, נאכדעם אויב זיי וועלען נאך אלץ ניט צופרידען זיין מיט דער האנדלונג פון דער עקז., האבען זיי א רעכט צו אפעלירען צו דער נ. ב. א. ד.

10) אפיל פון פר. מילער, בר. 11, געגען דער נאצ. גריווענס קאמיטע, צוליב דעם וואס זיי האבען גוטגעהייסען דעם באשלוס פון ברענטש אין שטראפירען אים מיט 99 דאלאר, דערפאר וואס ער האט געלאזט ארעסטירען ארבעטער פון דעם שאפ, וואו ער איז געווען פארמאן אין צייט פון א סטרייק.

לויט פר. מילערס (וועלכער איז געווען אנוועזענד) אייגענער דערקלערונג, געפינט די נ. ב. א. ד., אז ער איז שולדיג, און זיין אפיל ווערט צוריקגעוויזען.

11) אפיל פון בר. 106 געגען דער נאצ. גריווענס קאמיטע פאר ארונטערנעמען די שטראף, וואס דער ברענטש האט ארויפגעלייגט אויף זייער מיטגליד לואיס שטיין, דערפאר וואס ער האט געארבעט אויף מער ווי אויף צוויי שטולען, וואס איז געגען די יוניאן־געזעצען.

די גריווענס קאמיטע, דורך פר. האסקעל, דערקלערט, אז פר. שטיין איז דערלויבט געווארען פון דער יוניאן צו גיין אין דעם וועבער־שאפ ארבעטען, און ארבעטען אויף מער ווי אויף צוויי שטולען. זיי ברענגען בריף פון ארגאניזער פון דער יוניאן, וואו ער שרייבט אז ער האט אים דערלויבט גיין ארבעטען, און ארבעטען לויט די ניו־יארקער קאנדיציעס (וואס איז מער ווי אויף צוויי שטולען).

די דירעקטארען באשליסען צוריקצואווייזען דעם אפיל, ווייל אויב די יוניאן האט דאס דערלויבט, קען דער ברענטש ניט מאכען קיינע שטרענגערע געזעצען ווי די יוניאן האט.

די דירעקטארען בענענסאן, אילינאיז, לין, ניו־דזשוירזי, און שערמאן, ראוד איילאנד, בעטען צו פראטאקאלירען, אז אין אפיל 2 (פון בר. 168 און פר. גאף) האבען זיי געשטימט געגען דער מאיאריטעט פון די דירעקטארען, וועלכע האבען גוטגעהייסען דעם באשלוס פון דער גריווענס קאמיטע.

---

מ. רייס, קאנעקטיקוט, שלאגט פאר, אז מען זאל שיקען א באגריסונג צו דער סאציאליסטישער סיטי קאנווענשאן, וועלכע האלט יעצט אפ זייערע זיצונגען. פארשלאג גייט דורך.

פר. גליבטער, אסיסטענט סעקרעטער, אפעלירט צו די דירעקטארען, אז זיי זאלען זען דאס אין זייערע סטייטס זאל געזאמעלט ווערען געלט פאר מעדיצינישער הילף פאר רוסלאנד, דעם קאמפיין וואס דער א. ר. פירט יעצט אן.

### רעקאמענדאציעס

עס ווערט באשלאסען צו רעקאמענדירען צו דער קומענדער נ. ב. א. ד., אז זיי זאלען רעקאמענדירען צו דער קאנווענשאן:

1) אז די מיטינגען פון די דירעקטארען זאלען געענדערט ווערען אויף סעפטעמבער און פעברואר, אנשטאט יאנואר און יולי.

2) צו פאדערען באן־הוצאות פאר די דירעקטארען, צו קענען באריכטען פון די צוזאמענפארען צו די ברענטשעס אין זייערע סטייטס.

3) אז דאס געהאלט פון סעקרעטער צו די נ. ב. א. ד. זאל געהעכערט ווערען.

---

עס ווערט אויך באשלאסען בעטען די עקז. קאמיטע אויסצוצאלען די באן־הוצאות פאר דאקסער, מישיגען, און דייווים, ווירדזשיניא, וואס זיי האבען געהאט, פארענדיג באריכטען אין זייערע סטייטס איידער זיי האבען נאך געוואוסט פון באשלוס פון דער עקז. קאמיטע, אז זיי האבען דעם פארלאנג צוריקגעוויזען.

סעקרעטער ארקין ווערט אינסטרואירט צו קומען צום קומענדען צוזאמענפאר פון די דירעקטארען און זיי איבערגעבען די ביכער און אויך די רעקאמענדאציעס.

דער טשערמאן שטעלט נאכדעם פאר איניגע דירעקטארען, וועלכע האלטען שלום־רעדעס. עס ווערען אויך פארגעשטעלט די פריינד י. ב. ביילין און י. באסקין, וועלכע האלטען שיינע רעדעס.

דערמיט שליסט דער טשערמאן דעם פערטען און לעצטען צוזאמענפאר פון די נ. ב. א. ד.

ל. ארקין, סעק.

## בריף־קאסטען

א. פישער, בר. 135: די באמערקונג, וואס איר מאכט וועגען דעם טעות הדפוס (און נישט „הדפות“, ווי איר שרייבט. קענטיג, אז נישט נאר דער זעצער קען אמאל מאכען א טעות, נאר אפילו דער שרייבער אויך) אין ניגערס ארטיקעל, זייט איר פולשטענדיג גערעכט. עס דארף זיין: „וואס ווארפען א שיין“. איר זייט אבער דורכאויס נישט גערעכט אין די אנמערקונגען וואס איר מאכט וועגען די „פארגרייזטע“ ווערטער. איבעריגענס שרייבט איר שוין צו א ווארט, וואס איז פשוט „לא היה ולא נברא“. לויט דער נייער ארטאגראפיע שרייבט מען אויך „פארנייגן זיך“ און נישט פארנייקן זיך, ווי איר באהויפט. איר קענט אונז גלויבען, אז די, וועלכע האבען זיך באשעפטינט מיט דעם רעפארמירען די אידישע ארטאגראפיע, זיינען נישט קיין אינגלאך, נאר געלערנטע אין פילאלאגיע צוזאמען מיט באדייטענדע אידעשע שרייבער און לערער. אויפ'ן פארלאנג פון אונזער עקז. קאם. האבען מיר דערווייל איינגעפירט נאר א טייל פון די רעפארמען.

פ. ניבריך, בר. 547: א דירעקטארי פון די ברענטשעס און פריינד וואלט געווען גוט, ווען נישט דער פאקט וואס זייטיגע מענטשען וואלטען פארפלייצט די ברענטשעס מיט זייערע צושריפטען, א סך מאל גאנץ אומגעוואונטשענע און שעדליכע.

ל. מאסמער, פילאדעלפיע: דער „פריינד“ וועט מיט אלע כחות אפהיטען די נייטראליטעט פון א. ר. אין באצוג צו פארטיי־שטרייטיגקייטען. עס זיינען פאראן ארגאנען, וואס ווידמענען זיך ספעציעל קלאר צו מאכען די פראגען פון פארשידענע שטאנדפונקטען.

י. קאהען, ברוקלין: ווענדט זיך צו אן ארענטליכען לאיער. פר. מאיר לאנדאו איז דאך יעצט אין וואשינגטאן.

פ. מאירסאן: אייער סקיצע איז נישט דרוקבאר.

מ. כאראש: דאסזעלבע.

פעני קאפלאן: ווענדט זיך צו אונזער א. ר. מוזיק שולע, 143 איסט 3טע סטריט.

י. וויילער: פרעגט ביי אייער בר. סעקרעטאר. ער וועט אייך ווייזען א קאפיע פון לעצטען נומער „קינדערלאנד“.

וואלף אייזנער, בר. 139. אין נעקסטען נומער.

רעז. קאמ. פון בר. 736: דער צווייטער טייל פון אייער רעזאלוציע קען אין „פריינד“ נישט געדרוקט ווערען. איר וועט קענען האנדלען וועגען דעם אויף דער קאנווענשאן.

# באַריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 9־טען אָקטאָבער, 10 אַ זייגער פרי, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 47, — זיי לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער לייבאָר לייסעאום, זונטאָג, דעם 23־טען אָקטאָבער. ערוויילט פריינד העסקעל.

פון דעם אידעשען געזעלשאַפטליכען קאָמיטעט אין רוסלאַנד (אידגעזקאָם), פון דעם אַמעריקאַנער אָפיס, — זיי שיקען צו אַ קאָפּיע פון אַ טעלעגראַמע, מיט וועלכער דער אידישער געזעלשאַפטליכער קאָמיטעט אין מאָסקווע האָט זיך געווענדט צום אַרבעטער־רינג, צום י. ל. פרץ שרייבער פאַראיין, און צו די אידישע אַקטיאָרען יוניאָן, צו העלפען דעם אידעשען אַרטיסטישען טעאַטער אין מאָסקווע. דער אַמעריקאַנער אָפיס פון אידגעזקאָם שרייבט, אַז זיי ווילען רופען אַ באַראַטונג פון די קערפּערשאַפטען, אָבער איידער אַזאַ באַראַטונג ווערט גערופען ווילען זיי הערען אונזער מיינונג. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פון בר. 315, — זיי רעקאָמענדירען אָפּצושאַפען די יערליכע קאָנווענשאָנס, און אנשטאָט דעם האָבען אַ קאָנווענשאָן איין מאָל אין 2 יאָר. זיי רעקאָמענדירען, אַז די פראַגע זאָל אַרויסגעשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז צו קיין רעפערענדום קען די פראַגע ניט גיין, ווייל לויט אונזער קאָנסטיטוציע, קען ניט געשיקט ווערען צו אַ רעפערענדום קיין פראַגע וועגען וועלכער די לעצטע קאָנווענשאָן האָט געהאַנדעלט. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער זייער רעקאָמענדאַציע וועגען אָפּשאַפען די יערליכע קאָנווענשאָנס, וועט די עקזעקוטיוו דאָס געמען אין אָנבאַטראַכט.

פון לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע, — זיי שיקען צו צום „פריינד" אַ לאַנגען ענטפער אויף דער שטעלונג, וואָס די עקזעקוטיוו האָט גענומען וועגען זייער אַרויסטרעטען אין פאַרבינדונג מיט דעם צושריפט פון בר. 225. עס ווערט באַשלאָסען צו דרוקען זייער ענטפער מיט אַ דערקלערונג פון דער רעדאַקציע.

פון בר. 131, — זיי דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען דער שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו בנוגע דער שטעלונג צו דער אידעשער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. ענליכע רעזאָלוציעס ווערען אויך פאַרגעלעזען פון בר. 65, 67 און 232. עס ווערט באַשלאָסען די רעזאָלוציעס צו פיילען.

פון בר. 84, — זיי פרעגען, ווי עס קומט, וואָס די עקזעקוטיוו האָט געביטען איר שטעלונג בנוגע דער רעליף פאַר רוסלאַנד; אַז ביי דער ניו־יאָרק קאָנפערענץ וועגען רוסישע רעליף איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די געלדער זאָלען גיין פאַר דעם אַלגעמיינעם רוסישען רעליף, און די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו האָט אַרויסגעשיקט אַ צושריפט אי פאַר אַלגעמיינע און אי פאַר'ן אידעשען רעליף. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז דער באַשלוס פון דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ קען ניט זיין בינדענד פאַר דער נאַצ. עקזעקוטיוו, וועלכע פאַרטרעט די ברענטשעס איבער'ן גאַנצען לאַנד; אַז די שטעלונג פון דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ האָט ניט געקענט און ניט געטאָרט ענדערען דעם באַשלוס פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו וועגען דער פראַגע. אויך זיי אָנדייטען, אַז אין אָפיס ווערען יעצט געהאַלטען באַזונדערע דריי פאָנדס: פאַר'ן אַלגעמיינעם רוסישען רעליף, פאַר'ן רוסישען און אידעשען רעליף, און באַזונדער פאַר'ן רעליף פאַר די אידען אין רוסלאַנד.

פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, — זיי בעטען צו ענטפערען צי מיר ווילען זיך באַטייליגען אין דער קאָנווענשאָן, וואָס וועט פון זיי גערופען ווערען פון אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס איבער'ן לאַנד: יוניאָנס, פאַרמערס, פראַטערנאַל סאָסייעטיס א. ד. ג. — מיט דעם צוועק צו גרינדען אַ גרויסער אַרבעטער־פאַרטיי, לויט דעם מוסטער פון דער ענגלישער לייבאָר פאַרטי. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביי אַ קומענדען מיטינג.

פון דענווער סאַניטאַריום, — זיי דאַנקען פאַר די $500, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

## באַריכטען

פר. ל. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 338 און זיי איבערגעגעבען די מאָטיווען ווארום די נאַצ. עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסען ניט אַריינצונעמען זייער מיטגליד אויף דער איבעריגער צייט אין סאַניטאַריום. ער האָט זיי איבערגעגעבען די איינצעלהייטען פון דעם אינצידענט מיט די פּאַציענטען אין 1919, דערמאָנענדיג זיי, אַז דער באַטרעפענדער איז געווען איינער פון די 5, וועמען די עקזעקוטיוו האָט דעמאָלט באַשטימט אויסצושליסען. דעם ברענטש איז געווען פרעמד די גאַנצע אַנגעלעגענהייט, ווייל זיי זיינען געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז ער איז אויף אַ געוויינטליכען אופן אויסגעשריבען געוואָרען. דער ברענטש האָט באַדאַנקט דער עקזעקוטיוו פאַר שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער צו אינפאָרמירען זיי וועגען דער פראַגע. פר. ראָטמאַן דערקלערט, אַז מאַנכע מיטגלידער האָבען געוואָלט, אַז דער ברענטש זאָל אַפּעלירען וועגען באַשלוס פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו צו דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען, נאָר דער ברענטש האָט דאָס צוריקגעוויזען. זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַשפּיז באַריכטעט, אַז ער איז געווען ביי לאָקאַל 169 בעקער יוניאָן וועגען דעם פאַרלאַנג פון פריינד מעטש. די יוניאָן טענה'ט, אַז ער האָט אָנגעקלאָגט די יוניאָן אין קאָורט פאַר ניט אַריינגעמען אים אַלס מיטגליד, און דארום אַנטזאָגען זיי זיך אונטער אַלע אומשטענדען אים אַריינצונעמען. זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַר־ראָטען ביי'ן דער קאָנווענשאָן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. ער האָט דערפילט זיין מיסיע און אויסגעדריקט דעם וואונש פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, אַז די סאָציאַליסטישע פעדעראַציע זאָל זיך ביים יעצטיגען מאָמענט ניט אָפּשפּאַלטען פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. נאָכדעם ווי די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען, האָט ער פערזענליך באַגריסט דעם אידעשען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד, אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַרבעטער־רינג. פר. באַסקין דריקט אויס די האָפענונג, אַז דער דאָזיגער פּאַרטייאישער קאַמף וועט ניט אַריינגעטראָגען ווערען אין אַרבעטער־רינג.

ער דערקלערט, אַז לעצטען קוואַרטאַל זיינען געשטראָכען געוואָרען 4975 מיטגלידער, אויסגעשלאָסען און געשטאָרבען אין דעם קוואַרטאַל זיינען 101 מיטגלידער. סך־הכל זיינען אויף אַזאַ אופן אַרויסגעפאַלען 5076 מיטגלידער. פון די געשטראָכענע זיינען שפּעטער ריאינסטייטעט געוואָרען 1650, און פון פריער זיינען אין דעם קוואַרטאַל ריאינסטייטעט געוואָרען נאָך 400 מיטגלידער. סך־הכל געשטראָכענע זיינען געווען 3325. די מיטגלידערשאַפט פון לייבאָר־ליג, וועלכע איז באַשטאַנען פון 3094, האָט געדעקט אַ טייל פון דעם פאַרלוסט אין דער מיטגלידערשאַפט. אויך זיינען לעצטען קוואַרטאַל אַריינגענומען געוואָרען 1654 נייע מיטגלידער. דער נעט צואוואוקס איז אויף אַזאַ אופן געווען 1722.

פר. באַסקין דענקט, אַז די עקזעקוטיוו האָט זיך געדאַרפט אַריינטראַכטען אין דער פראַגע וועגען רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן צו שאַפען אַ ספּעציעלען פאָנד פאַר מיטגלידער, וועלכע קענען צוליב ספּעציעלע אורזאַכען ניט צאָלען זייערע בילס, אָדער זען, אַז ברענטשעס אַליין זאָלען שאַפען אַזעלכע פאָנדס, כדי צו זען, אַז די צאָל פון געשטראָכענע זאָל ניט זיין אַזוי גרויס.

פון לייבאָר־ליג איז איבערגענומען געוואָרען די סומע פון $33,845.32. די באַנדס פון לייבאָר־ליג וועלען איבערגעשריבען ווערען אויפ'ן נאָמען פון אַרבעטער־רינג.

די רעליף־אַרבעט פאַר די הונגער־לײַדענדע אין רוסלאַנד האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעפאַנגען, און עס איז נייטיג, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיך נעמען מער ענערגיש פאַר דער אַרבעט און וועקען די ברענטשעס צו טעטיגקייט.

ער דערקלערט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האַלט ניט רעגעלמעסיג אירע מיטינגען, און זי האָט נאָך ניט אויסגעאַרבעט קיין פּלאַן פאַר דער עדיוקיישאָנאַל אַרבעט, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי זיינען שוין אין אַמט איבער 4 מאָנאַטען.

פריינד באַסקין גיט איבער דעם צושטאַנד פון די פאַרשידענע פאָנדס, און זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## וועגען רעליף־אַרבעט

אויף דער אָנפראַגע, צי די רוסישע רעליף־אַרבעט דאַרף זיין אונטער דער אויפזיכט פון דער אַלגעמיינער רעליף, אָדער פון דער ספּעציעלער קאָמיטע, וואָס איז ערוויילט געוואָרען, דערקלערט דער טשערמאַן, פר. גוסקין, אַז די ספּעציעלע קאָמיטע איז ערוויילט געוואָרען בלויז צו זיין פאַרטראָטען ביי אַ פאַר־קאָנפערענץ, וואָס מיר האָבען געפּלאַנעוועט צו רופען. אַזוי ווי די קאָנפערענץ איז ניט אָפּגעהאַלטען געוואָרען, איז די קאָמיטע אויטאָמאַטיש אויפגעלייזט געוואָרען. די אַלגעמיינע קאָמיטע, ווידער, איז אויך ערוויילט געוואָרען צייטווייליג. ער דערקלערט דארום ביידע קאָמיטעס אַלס אויפגעלייזט.

נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די רעליף־אַרבעט צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע זאָל אין וויכטיגע פראַגען בנוגע רעליף זיך באַראַטען מיט דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו.

## צווייטע זיצונג

אַ צווייטע זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו ווערט ערעפענט 3.15 בייטאָג; מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## קאָמיטעס

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, — פר. בלאק און זוכמאַן אַלס קאָמיטע דערקלערען, אַז אונטער די יעצטיגע אומשטענדען, אונטער די נייע אימיגראַציאָנס־געזעצען, איז נאָך מער ווי אַלע מאָל נויטווענדיג צו קענען אַנהאַלטען די ביוראָס פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, סאַי ביי די ברעגען פון אַמעריקע, סאַי אין די פּאָרט־שטעט פון אייראָפּע. אום אָט די ביוראָס זאָלען קענען אָנגיין מיט זייער אַרבעט, איז נויטיג אַ גרויסער פאָנד. די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי פירט יעצט אָן אַ קאַמפּיין פאַר אַ מיליאָן דאָלער, און זיי אַפּעלירען, אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל זיך באַטייליגען אין זייער קאַמפּיין און רופען די ברענטשעס צו העלפען שאַפען דעם מיליאָן דאָלער פאָנד. עס ווערט באַשלאָסען צו אַפּעלירען צו אונזערע מיטגלידער און ברענטשעס צו שאַפען 25 טויזענד דאָלער פאַר זייער מיליאָן דאָלער פאָנד.

פון דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, — פר. יעקב לעווין, אַלס פאַרטרעטער, פרעגט, וואָרום זייער קאָנפערענץ איז צוריקגערופען געוואָרען, און וואָס די עקזעקוטיוו דענקט צו טאָן אום איינצואָרדענען די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט אין ניו־יאָרק. דער טשערמאַן ענטפערט, אַז נאָכדעם ווי די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס וועלען אויסאַרבעטען אַ פּלאַן פאַר עדיוקיישאָנאַל אַרבעט, וועט דעמאָלט וועגען דעם גהאַנדעלט ווערען.

פון בר. 231, — זיי ווענדען זיך נאָכאַמאָל וועגען פר. פיליפּ דינערשטיין, וועמען לאָקאַל 22 דרעס מייקערס יוניאָן אָנטזאָגט זיך אַריינצונעמען אַלס מיטגליד. עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל זיך שטעלען וועגען דעם אין פאַרבינדונג מיט לאָקאַל 22 און אונטערזוכען די אַנגעלעגענהייט. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. אַשפּיז און בלאק.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. לאַנג, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז צוליב דעם וואָס דער סעפּטעמבער נומער „פריינד" איז אַרויס שפּעט, איז באַשלאָסען געוואָרען צו האָבען אַ דאָפּעלטען נומער „פריינד" פאַר אָקטאָבער־נאָוועמבער.

ער דערקלערט, אַז סאָב־קאָמיטעס פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל און נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס האָבען אויסגעאַרבעט פאָלגענדען פּלאַן ווי אָנצופירען געמיינשאַפטליך די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט:

1) צו אַראַנזשירען אין ניו־יאָרק קאָנצערטען פאַר גרופּען ברענטשעס צוזאַמען מיט לעקציעס. די קאָנצערטען מוזען אויסגענוצט ווערען אויך פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען.

2) די לעקטשור־טורס איבער'ן לאַנד זאָלען אויך אויסגענוצט ווערען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. יעדער מיטינג, אויף וועלכען עס קומט פאָר אַ לעקציע, זאָל אויך טראָגען אַן אָרגאַניזאַציאָנס־כאַראַקטער מיט דער באַטייליגונג פון אַ פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אָדער פון די לאָקאַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

3) אין די נעענטערע שטעט אַרום ניו־יאָרק (ניט ווייטער פון פילאַדעלפיע) זאָלען צו די ערשטע לעקציעס אומבאַדינגט אַנוועזענד זיין פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אָדער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

4) די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס מוזען האָבען געמיינשאַפטליכע מיטינגען איין מאָל אַ מאָנאַט וועגען דער אַלגעמיינער אַרבעט אין ניו־יאָרק. ביידע קאָמיטעס זאָלען זיין פאַרטראָטען איינע ביי די אַנדערע אויף יעדען מיטינג.

5) ביי יעדער לעקציע אין ניו־יאָרק זאָל אויך אָפּגעגעבען ווערען אַ גענוגענדע צייט פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקען מיט דער אַנוועזענהייט פון אַ פאַרטרעטער פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

6) די פּלענער, וואָס ווערען אָנגעדייטעט אין די אויבענדערמאָנטע פונקטען, זאָלען אויסגעאַרבעט ווערען געמיינשאַפטליך פון ביידע קאָמיטעס און דורכגעפירט ווערען פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָם.

וואָס אַנבאַלאַנגט די אַרויסטרעטונג פון אַרבעטער־רינג נאָר ביי דער אונטערנעמונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, זאָגט פר. לאַנג, אַז ער איז מיט דער מיינונג, אַז יעצט, אין דעם פּראָצעס פון שפּאַלטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, זאָלען די אַרבעטער־רינג אינסטיטוציעס ניט באַטייליגען זיך אין אַזעלכע אַרויסטרעטונגען. עס ווערט באַשלאָסען אָנצונעמען די דאָזיגע מיינונג וועגען דער פראַגע.

עס ווערען געשטעלט פיל פראַגען בנוגע דער ווייטערדיגער אַרבעט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. מאַנכע זיינען מיט דער מיינונג, אַז די קאָמיטע דאַרף אויפגעלייזט ווערען, ווייל זייערע מיטינגען ווערען ניט אָפּגעהאַלטען רעגעלמעסיג. עס ווערט באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, און זען, אַז זיי זאָלען ניט פאַרנאַכלעסיגען זייער טעטיגקייט און זאָלען אָפּהאַלטען זייערע מיטינגען אין אַ באַשטימטער צייט, ווי דאָס טוען אַלע אַנדערע סטענדינג קאָמיטעס. דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרטזעצונג פון דעם מיטינג מיטוואָך אָוונט, דעם 19־טען אָקטאָבער.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקר.

א פאָרטזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָוונט, דעם 19־טען אָקטאָבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפט

פון דער „ראָשען פעדערייטעד רעליף", — זיי לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דעם קומענדען מיטינג פון זייער צייטווייליגען עקזעקוטיוו קאָמיטעט. די אויפגאַבע פון דער „פעדערייטעד" איז צו זען, אַז אַלע אַרבעטער און ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פירען אָן רעליף־אַרבעט פאַר רוסלאַנד, זאָלען איבערשיקען זייערע געלדער אָדער פּראָדוקטען דורך איין קוועלע, דירעקט קיין רוסלאַנד. עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע פון 2, צו אונטערזוכען די אַנגעלעגענהיים. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פריינד גוסקין און ראָבערטס.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ דאַנק די מיטלען, וועלכע די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אָנגענומען, זיינען אין פאַרלויף פון די לעצטע 3 מאָנאַטען די אויסגאַבען פאַרקלענערט געוואָרען אויף $2,900.42, אין פאַרגלייך מיט די זעלבע 3 מאָנאַטען פון לעצטען יאָר. עס זיינען יעצט דאָ אין סאַניטאַריום מיט אייניגע אָנגעשטעלטע ווייניגער ווי פריער, אויך ווערט אַביסעל געשפּאָרט ביים איינקויפען מאַנכע פּראָדוקטען. די סאַניטאַריום קאָמיטע ערוואַרטעט, אַז דעם יאָר וועט פיליינכט געלינגען צו מאַכען עקאָנאָמיע אין די אויסגאַבען.

נאָכדעם ווי די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען קויפען קוילען דירעקט פון די מינען, איז זי געקומען צום שלוס, אַז ביים יעצטיגען מאָמענט איז שווער דאָס צו פאַרווירקליכען, ווייל מיר האָבען ניט קיין פּלאַץ וואו אָפּצולייגען די קוילען, וועלכע וואָלטען אָנגעקומען אין וואַגאָנעס און וואָלטען געמוזט אויסגעלאָדען ווערען אין פאַרלויף פון אַ טאָג אָדער צוויי. מיר זיינען אָבער געקומען צו אַ פאַרשטענדניס מיט דער פירמע, ביי וועלכער מיר האָבען פריער געקויפט קוילען, און מיר וועלען זיי יעצט צאָלען $12.30 פער טאָן קוילען, אַנשטאָט 13.30, ווי מען האָט זיי פריער געצאָלט.

די טשיקען־פאַרם געפינט זיך לעצטענס ניט אין קיין גוטען צושטאַנד. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו ריאָרגאַניזירען דעם דעפּאַרטמענט, אָוועקצושיקען דעם מאַן, וועלכער האָט יעצט אויפזיכט איבער דער טשיקען־פאַרם, און זען קריגען אַ מער קאָמפּעטענטען מענשען אויף זיין פּלאַץ. דערווייל וועט זיין אַסיסטענט טאָן די נויטיגע אַרבעט.

די „סטאָמפּס" פון לייק וועט מען די טעג אָנפאַנגען אַרויסצושלעפּען. די אַרבעט וועט געטאָן ווערען אָן אַ קאָנטראַקטאָר, נאָר דורך אייגענע העלפּ. אויב עס וועט נייטיג זיין, וועט מען צונעמען נאָך עטליכע עקסטרא אָנגעשטעלטע פאַר דער אַרבעט. עס איז פאַר דעם צוועק געליען געוואָרען אַ ספּעציעלע מאַשין אויף אַרויסצושלעפּען די סטאָמפּס.

דער פריערדיגער אַסיסטענט מענעדזשער איז אַוועקגעשיקט געוואָרען, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען אָנצושטעלען אויף זיין פּלאַץ פריינד א. אַדלער, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ מיטגליד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע און איז באַקאַנט מיט די פירונגען און מיט דעם כאַראַקטער פון אַנשטאַלט.

ער (אַשפּיז) האָט געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט אַ קאָמיטע פון די עקס־פּאַציענטען וועגען זייער פּלאַן צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווע שעפּער אין די קעטסקיל מאַונטענס פאַר די עקס־פּאַציענטען פון אונזער סאַניטאַריום. ער האָט זיי געראַטען צו זען פריער מאַכען די פראַגע פּאָפּולער צווישען די ברענטשעס. זיי האָבען געבעטען די אַדרעסען פון די ברענטשעס, צו וועמען זיי ווילען אַרויסשיקען אַ צושריפט וועגען דער אַנגעלעגענהייט. ער האָט זיי דערקלערט, אַז די אַדרעסען וועלען פאַר זיי באַוויליגט ווערען, נאָר זיי זאָלען פריער צושטעלען אַ קאָפּיע פון דעם צושריפט וואָס זיי ווילען אַרויסשיקען.

דעם יאָר וועט דער סאַניטאַריום־טאָג געפייערט ווערען אין ניו־יאָרק דורך אַ קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל, זונטאָג ביינטאָג, דעם 4־טען פעברואַר.

זיין רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּים קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, דאָס עס צייגט זיך אַרויס, אַז עטליכע און צוואַנציג ברענטשעס האָבען אין גאַנצען ניט געמאַכט קיין איינצאָלונג צו ענדע פון לעצטען קוואַרטאַל. די אָפּים קאָמיטע וועט רופען ספּעציעלע מיטינגען פון די דאָזיגע ברענטשעס, און אויב זיי וועלען ניט מאַכען די נויטיגע איינצאָלונגען, וועלען שטרענגע מיטלען אָנגענומען ווערען געגען זיי.

אַלע מיטגלידער פון דער אָפּים קאָמיטע זיינען געווען אַלס קרעדענשעל קאָמיטע ביי דער ניו־יאָרקער דיסטריקט און סטייט קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאָג דעם 11־טען סעפּטעמבער, כדי צו זען, אַז בלויז דעלעגאַטען זאָלען קריגען קאַרדס צו דער קאָנפערענץ.

געליבטער און ער (ראָזענבלאַט) זיינען געשיקט געוואָרען אין באָסטאָן צו פאַרענדיגען די פינאַנציעלע אַנגעלעגענהייטען מיט'ן

לייבאָר־ליג. זיי האָבען אויך ביי דער געלעגענהייט אינסטאַלירט איינציגע לייבאָר־ליג ברענטשעס אַלס ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג. די וואָך האָבען מיר געקראָגען פון לייבאָר ליג טשעקס אויף $16,477.74, דעם באַלאַנס וואָס זיי האָבען געהאַט אין באַנק. די באָנדס פון לייבאָר־ליג וועלען מיר שפּעטער קריגען.

דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט האָט אומגעקערט די $5,000, וואָס זיי האָבען געליען מיט אַ צייט צוריק.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַוויליגט פר. אייבראַמס אַ „ליוו אָוו עבסענס" ביז ער וועט צוריקקומען פון אייראָפּע, וואוהין ער איז געפאָרען אַלס שליח פון ווילנער רעליף.

פר. ראָבערטס, וועלכער האָט פאַרטראָטען די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ אין פילאַדעלפיע, האָט דאָרט אויך פאַרטראָטען די אָפּיס קאָמיטע, און געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די דעלעגאַטען פון יענע ברענטשעס, וועלכע האָבען גרויסע חובות פון אָפּיס. די פאַרטרעטער פון יענע ברענטשעס האָבען פאַרשפּראָכען אָפּצוצאָלען די חובות צום קומענדען קוואַרטאַל.

ליבערטי באָנדס זיינען געקויפט געוואָרען אויף 110 טויזענד דאָלער, פאַר וועלכע ס'איז באַצאָלט געוואָרען $101,351.77.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין באַריכטעט, אַז כמעט אַלע דיסטריקט קאָנפערענצען זיינען שוין אָפּגעהאַלטען געוואָרען. די ניי־ערוויילטע דיסטריקט קאָמיטעס אַרבעטען יעצט אויס פּלענער פאַר דער קומענדער אַרבעט.

אין ניו־בראַנזוויק זיינען פאַראייניגט געוואָרען בר. 563 מיט בר. 208. דער לעצטער האָט ניט געוואָלט אַריינגעמען 2 מיטגלידער פון געוועזענעם בר. 563, און יענע זיינען פאַרבליבען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

אין פּעטערסאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ וועגען רוסישע רעליף, און פר. זאַלצמאַן איז דאָרט געווען אַלס פאַרטרעטער. כמעט די גאַנצע רעליף־אַרבעט ווערט דאָרט אָנגעפירט פון אונזערע ברענטשעס.

פר. קרינסקי איז געווען פאַרטראָטען ביי די קאָנפערענצען פון דער פּראָווידענס דיסטריקט קאָמיטע, מעין דיסטריקט קאָמיטע, און האָדסאָן קאָונטי דיסטריקט קאָמיטע.

פר. לעוויטאַן און ער (דינערשטיין) זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער ניו־יאָרקער סיטי קאָנפערענץ. אין דער פרי איז געווען די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָנפערענץ, און נאָכמיטאָג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די סטייט קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען. פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, איז געגוען פאַרטראָטען ביי דער סטייט קאָנפערענץ, וועלכע ער האָט אַדרעסירט אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו. עס איז ערוויילט געוואָרען פאַר ניו־יאָרק אַ נייע סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, באַשטייענד פון 15 פּערזאָן.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען אין ניו־הייווען ביי דער סטייט קאָנפערענץ און ביים דזשאָינט מיטינג. עס זיינען דאָרט געשטעלט געוואָרען פראַגען וועגען דער שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו בנוגע דער שפּאַלטונג אין דער אידעשער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. ער האָט זיי דערקלערט די מאָטיווען וואָרום די עקזעקוטיוו האָט אָנגענומען די שטעלונג.

פר. לעוויטאַן איז געווען פאַרטראָטען ביי דער האַריסבורג דיסטריקט קאָנפערענץ, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין רעדינג, פּאַ.

פר. ראָבערטס איז געווען פאַרטראָטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ אין פילאַדעלפיע. פר. בייזלין איז ביי יענער קאָנפערענץ געווען פאַרטראָטען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. זיי האָבען אין פילאַדעלפיע 5 אַ. ר. שולען, וועלכע ווערען באַזוכט פון אַרום 400 קינדער.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען ביי דער האַרטפאָרד דיסטריקט קאָנפערענץ. אונזערע ברענטשעס זיינען די טעטיגסטע אין דעם אויפהאַלטען פון דעם אָרטיגען לייבאָר־לייסעאום. בר. 15 האָט געשאַפען אַרום $1,200 פאַר'ן אָרטיגען לייבאָר־לייסעאום.

דיסטריקט קאָנפערענצען זיינען אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין מילוואָקי, לאָס אַנדזשעלעס, באַלטימאָר און אין אַ רייע אַנדערע שטעט.

אין ניו־יאָרק וועלען אין גיכען אינסטאַלירט ווערען צוויי נייע ברענטשעס פון אָסטראָווצער און דרייעווער לאַנדסלייט.

די פּאַסייק סיטי קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט צו האָבען אַ פאַרטרעטער ביי דער פּעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע, אונטער וועמעס אויפזיכט זיי שטייען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געשריבען וועגען דעם צו דער פּעטערסאָנער דיסטריקט קאָמיטע און זיי געבעטען צו זען, אַז איין קאָמיטע זאָל ביי דער צווייטער זיין פאַרטראָטען. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ בריף צו אַלע ברענטשעס אין פּעטערסאָן און זיי דערקלערען, אַז זיי זאָלען זען אַרבעטען האַרמאָניש אין דער צוקונפט מיט דער אָרטיגער סיטי קאָמיטע.

אַ גרופּע מיטגלידער פון נאָרוויטש, קאָנעטיקוט, האָבען געבעטען מען זאָל זיי דערלויבען צו גרינדען נאָך אַ ברענטש. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז מיר גלויבען ניט, אַז ס'איז דאָרט פאַראַן פּלאַץ פאַר 2 ברענטשעס.

ביי בר. 28 איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם צושריפט פון בר. 225. זיי האָבען געבעטען צו שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער. פר. לעוויטאַן איז דאָרט געווען פאַרטראָטען. עס איז דאַמאָלס אויך געווען אַ פאַרטרעטער פון דער 15־ער קאָמיטע. פר. לעוויטאַן האָט זיי דערקלערט דעם שטאַנדפּונקט פון דער עקזעקוטיוו בנוגע דער פראַגע.

פר. ראָזענבלאַט און געליבטער זיינען געווען אין באָסטאָן אין פאַרבינדונג מיט דער ליקווידאַציע פון לייבאָר־ליג. זיי האָבען אין דער זעלבער צייט אינסטאַלירט די ברענטשעס אין לין, וואוסטער און לאָרענס.

פר. דינערשטיין דערקלערט, אַז נאָכדעם ווי די עקזעקוטיוו האָט איבערגעגעבען די רעליף־אַרבעט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָבען זיי גלייך גערופען אַ מיטינג פון דער 25־ער קאָמיטע און אויך פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, צו זען אַז ביידע קאָמיטעס זאָלען זיך גלייך נעמען פאַר דער אַרבעט פון די רוסישע רעליף אין ניו־יאָרק.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז מיר זאָלען דערווייל אַרויסשיקען פאַר 10 טויזענד דאָלער פּראָדוקטען פאַר די הונגער־ליידענדע אין רוסלאַנד, ווייל מיר האָבען שוין יעצט אין אָפּיס אומגעפער אַזאַ סומע געלט פאַר דעם פאָנד.

ער דערקלערט, אַז פר. וולאַדעק איז געווען אין לאָס אַנדזשעלעס און ער האָט דאָרט אַדרעסירט די לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָנפערענץ, ווי אויך איינציגע אַרבעטער־רינג מיטינגען פון די אַרומיגע שטעט. אַ דאַנק אים, זיינען געשאַפען געוואָרען עטליכע הונדערט דאָלער פאַר רוסישע רעליף ביי די דאָזיגע מיטינגען.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

פר. לעוויטאַן גיט איבער איינצעלהייטען וועגען דער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, וואו ער איז געווען, צו אַראַנזשירען די אינסטאַלוישאָנס פון אַ גרויסער צאָל ברענטשעס פון לייבאָר־ליג. ביי די אינסטאַלוישאָנס זיינען געווען פאַרטראָטען פר. גוסקין, דינערשטיין, ראָבערטס, קרינסקי און ער. זיי האָבען געהאַט אַ מיטינג מיט דער דיסטריקט קאָמיטע, און פראַגען וועגען ווייטערדיגער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט זיינען דיסקוטירט געוואָרען. פר. לעוויטאַן דענקט, אַז עס וועט זיין נויטווענדיג צו שיקען אַ ספּעציעלען פאַרטרעטער אין מאַסאַטשוזעטס סטייט אויף עטליכע וואָכען, כדי צו סטימולירען די ווייטערדיגע אַרבעט.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. סאָפּערמאַן, מיטגליד פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 45, פּיטסבורג, אַ געוועזענער פּאַציענט פון סאַניטאַריום, געפינט זיך אין ניו־יאָרק אין אַ האָספּיטאַל. אַזוי ווי דער באַטרעפענדער איז איינזאַם אין ניו־יאָרק, באַזוכען אים מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע כמעט יעדע וואָך.

אַ מיטגליד פון בר. 146 האָט געמאָנט בענעפיט פאַר 15 וואָכען. דער ברענטש האָט גע'טענה'ט, אַז דר. מעק'סוויני האָט אים אונטערזוכט, און דערקלערט אַ קאָמיטע־מאַן פון ברענטש, אַז דער באַטרעפענדער קען זיך פאַרנעמען מיט אַ באַשעפטיגונג. ער האָט אָבער באַוויזען, אַז ער איז געווען קראַנק. די בענעפיט קאָמיטע האָט די זאַך אונטערזוכט, און נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די סטייטמענטס, וועלכע ער האָט צוגעשטעלט, זיינען אין גאַנצען געווען פאַר 11 וואָכען, איז באַשלאָסען געוואָרען אים אויסצוצאָלען פאַר 11 וואָכען בענעפיט. דער מיטגליד האָט יעצט די זאַך איבערגעגעבען צו זיין לאָיער, וועמען דער אָפּיס האָט געענטפערט, אַז לויט די דייטס פון סטייטמענט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט, איז ער לוידער ניט באַרעכטיגט צו מער ווי צו 11 וואָכען בענעפיט.

אין ניו־יאָרק זיינען אויף דער רעקאָמענדיישאָן פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד באַשטימט געוואָרען פאָלגענדע נייע דיסטריקט עקזאַמינערס: דר. ווייסקאָפּף—בראָנקס, דר. ראַבינער—וויליאַמסבורג, דר. קאָהען—דאַון־טאַון, און דר. מילער—בעטה־ביטש.

פר. סאָפּערמאַן דערקלערט, אַז די בענעפיט קאָמיטע אונטערזוכט יעצט די ליסטע פון די ברענטשעס, וועלכע האָבען געצויגען מער בענעפיט ווי זיי האָבען איינגעצאָלט צום בענעפיט־פאָנד. ספּעציעלע מיטינגען וועלען גערופען ווערען פון די דאָזיגע ברענטשעס אין ניו־יאָרק און אומגעגענד, און פאַרטרעטער פון דער בענעפיט קאָמיטע וועלען אַנוועזענד זיין צו ציען דערצו די אויפמערקזאַמקייט פון די מיטגלידער.

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריווענס קאָמיטע

פר. קראַפּקאַ, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קאָמיטע האָט ווידער אויפגענומען דעם אַפּיל פון פר. וו. לובין געגען בר. 206, זייענדיג באַאויפטראַגט פון דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען נאָכאַמאָל צו עפענען זיין אַפּיל. נאָכדעם ווי מען האָט אים ריאינסטייטעט, איז פר. לובין געקומען אין אָפּיס און געבעטען, אַז מען זאָל דעם אַפּיל אָפּלייגען אויף 2 וואָכען, ווייל ער פאָרט אויף וואַקיישאָן. פון קאַנטרי האָט ער געשריבען, אַז ער וועט נאָך פאַרבלייבען דאָרט אויף 1 וואָך, און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיין אַפּיל אַרויסרופען אויף דעם 29־טען סעפּטעמבער, דאָס הייסט, מיט אַ וואָך שפּעטער. זיין פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען. ווען מען האָט אים אַרויסגערופען אויף דעם 29־טען סעפּטעמבער, האָט ער ווידער גע־

שריבען, אַז ער וועט ניט קענען קומען. ס'איז דאַן צו אים געשיקט געוואָרען אַ טעלעגראַמע, אַז אויב ער וועט ניט אנוועזענד זיין ביים מיטינג ווען דער אַפּיל איז אַרויסגערופען געוואָרען, וועט זיין קיים דיסמיסט ווערען. ער איז ניט געקומען, און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו דיסמיסען זיין אַפּיל אויף דעם גרונד וואָס ער קומט ניט צו קיין הירינג.

בר. 512, פון לאָס אנדזשעלעס, האָט באַשלאָסען צו געבען זייערע אַ מעמבערין אַ טרענספער אַלס מעמבער עטלאַרדזש. די באַטרעפענדע האָט אַפּעלירט אויף דעם גרונד וואָס קיין קלאַגע איז געגען איר אָפּיציעל ניט געמאַכט געוואָרען, וואָס דער ברענטש האָט קיין אונטערזוכונגס קאָמיטע וועגען דער אנגעלעגענהייט קיינמאָל ניט ערוויילט, און אַז ס'איז באַשלאָסען געוואָרען ביים מיטינג צו געבען איר אַ טרענספער אַלס מעמבער עט לאַרדזש. דער ברענטש האָט געענטפערט, אַז צוליב איר האַלטונג פלעגען די מיטינגען געשטערט ווערען, און דארום האָבען זיי באַשטימט זי צו טרענספערירען אַלס מעמבער עט לאַרדזש. די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער ברענטש האָט אין דעם פאַל געהאַנדעלט אומגעזעצליך, און האָט אויך באַשטימט אַנצודייטען דעם ברענטש, אַז אויב זיי ווילען די באַטרעפענדע טרענספערירען, ווייל זי שטערט די מיטינגען פון ברענטש, זאָלען זיי זיך ווענדען דעם אָדער צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אָדער צו דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע.

צוויי מיטגלידער פון אייקראָן, אָהייאָ, האָבען אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען זיי מיט $150 פאַר נעמען קאָמישאָן פון דעם הויז, וואָס איז דורך זיי געקויפט געוואָרען פון ברענטש פאַר אַ ליובאָר ליוסעאום. די צוויי אַפּעלאַנטען האָבען געטענה'ט אַז דער, וועלכער האָט פאַרקויפט דאָס הויז, איז געשטאָרבען, און די פראַגע איז באַטראַכט געוואָרען נאָך יענעמס טויט. כדי עס זאָלען ניט זיין קיין עדות פעסטצושטעלען זייער אומשולד. דער ברענטש ווידער האָט צוגעשטעלט אַ קאָפּיע פון די פּראָטאָקאָלען פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע צו איבערצייגען, אַז נאָך ביים לעבען איז דער, ביי וועמען מען האָט געקויפט דאָס הויז, אַרויסגערופען געוואָרען, און יענער האָט אַנגערופען נעמען פון נאָך מיטגלידער, וועלכע ער האָט ניט באַטראַכט אַלס שולדיג אין נעמען קאָמישאָן, וועגען די נעמען פון די אַפּעלאַנטען האָט ער געזאָגט, אַז דער ברענטש קען עס אויסטייטשען ווי ער פאַרשטייט. נאָך דעם טויט פון יענעם ריעל־עסטייט מאַן, האָט דער ברענטש פעסטגעשטעלט דורך דער אלמנה פון דעם פאַרשטאָרבענעם און דורך אַנגעשטעלטע, וואָס האָבען געאַרבעט פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם, אַז די באַטרעפענדע האָבען ווירקליך גענומען קאָמישאָן. די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע האָט דארום באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

### טשערמאַנס רעפּאָרט

פר. גוסקין באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער ניו־יאָרק סטייט קאָנפערענץ און זיי אַדרעסירט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. פר. בעצאהלער, דירעקטאָר פון סטייט, האָט באַריכטעט וועגען־דער אַרבעט פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען. נאכהער זיינען נאָמינירט געוואָרען פר. איוועןנסקי און סאַקאָראַנסקי אַלס קאַנדידאַטען צו דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען.

פר. גוסקין דערקלערט אויך, אַז אין פאַרלויף פון מאָנאַט איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ מיטינג פון די טשערלייט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס, וואו עס איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם צו זען, אַז יעדע קאָמיטע זאָל ווערען מער טעטיג סאַי אין דער אַרבעט פון איר ספּעציעלען דעפּאַרטמענט, סאַי אין דער אַלגעמיינער טעטיגקייט פון אַרבעטער־רינג, ווייל אונטער דער יעצטיגער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע איבער'ן לאַנד איז נויטיג, אַז אַלע קאָמיטעס זאָלען אָנשטרענגען זייערע קרעפטען צו־מאַכען די אַרבעט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו דעם יאָר פאַר אַן ערפאָלג.

זיין באַריכט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

פר. בוילין, רעדאַקטער פון „פריינד“, דערקלערט, אַז עס זיינען אָנגעקומען רעזאָלוציעס פון ברענטשעס בנוגע דער אידעשער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. ער וויל וויסען די מיינונג פון דער עקזעקוטיוו, צי די רעזאָלוציעס זאָלען געדרוקט ווערען אין „פריינד“. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, ענטפערט אים, אַז די פראַגע דאַרף פריער געבראַכט ווערען צו דער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

---

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, פרעגט, צי עס זאָל פאַרבלייבען דער באַשלוס פון דער אָפּיס קאָמיטע ניט צו דערלויבען מיטגלידער איבער 45 יאָר צו טרענספערירען זיך צו דער $1000 פּאָליסי. ער גלויבט, אַז אויב מיר האָבען רייטס פאַר 50־יעריגע מיטגלידער, וועלכע שליסען זיך אָן אין נייע ברענטשעס, איז ניטאָ קיין אורזאַך ווארום מיר זאָלען ניט דערלויבען אַלטע מיטגלידער צו טרענספערירען זיך אין דעם דאָזיגען קלאַס. עס ווערט באַשלאָסען, אַז טרענספערס צו אַ $1000 פּאָליסי זאָלען אָנגענומען ווערען פון מיטגלידער ביז 50 יאָר.

### קאָנווענשאַן קאָמיטע

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָנווענשאָן קאָמיטע פון 6. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. לעוויטאַן, העסקעל, דזש. ראָטמאַן, פריימאַן און כאנין.

### קאָמיטע וועגען היים פאַר אַלטע מיטגלידער

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע פון 3 וועגען דער פראַגע צו שאַפען אַ היים פאַר די אַלטע מיטגלידער. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. גוסקין, אַשפּיז און לעוויטאַן.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקר.

---

# רעזאָלוציעס

פון דער רעדאַקציע: מיר מאַכען אויפמערקזאַם. אַז רעזאָלוציעס פון וועלכען ס'איז כאַראַקטער וועלען נאָר געדרוקט ווערען אין איין נומער. די וואָס וועלען אָנקומען פאַר'ן צווייטען נומער וועלען נאָר רעגיסטרירט ווערען.

---

איבערלעזענדיג דעם צושריפט פון דער איד. סאָצ. פעדעראַציע אויף אַ מיטינג פון י. ל. פּרץ בר. 689 אַ. ר., דעם 7־טען אָקטאָבער 1921, ניו־הייווען, קאָנג., פאַרשטייענדיג די אורזאַכען, צוליב וועלכע די פעדעראַציע האָט זיך אָפּגעשפּאַלטען פון דער פּאַרטיי, ווערט באַשלאָסען צו באַגריסען דעם רעוואָלוציאָנערען טריט, וואָס די פעדעראַציע האָט געמאַכט, אַרויסטרעטענדיג פון דער רעפאָרמיסטישער סאָצ. פּאַרטיי, און מיר דריקען אויס אונזער וואונש, אַז די איד. סאָצ. פעדעראַציע זאָל אויך מאַכען דעם נעקסטען נויטיגען, געוואַגטען שריט און זיך פאַראייניגען מיט יענער פּאַרטיי, וואו יעדער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט באַלאַנגט.

רעז. קאָם.: ב. מאַרקעל, דזש. זאלקינד.

---

אין רעגעלען מיטינג, אָפּגעהאַלטען דעם 28־טען סעפּט., אין 41 ברידזש סטריט, האָבען מיר, בר. 110 אַ. ר., באַשלאָסען צו אינדאָרסירען די האַנדלונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע פון אַמעריקע, אַרויסטרעטענדיג פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

רעז. קאָם.: ל. צינאמאַן, ה. עפּעט.

---

מיר, בר. 496 אַ. ר., פאַרזאַמעלט דעם 9טען אָקטאָבער, אויסהערענדיג די צושריפטען פון דעם אידעשען סאָצ. פאַרבאַנד, אויך פון דער אידעשער סאָצ. פעדעראַציע, האָבען מיר באַשלאָסען צו אינדאָרסירען די האַנדלונג פון דער איד. סאָצ. פעדעראַציע פאַר איר אַרויסטרעטען פון דער ס. פּ. און פאַרפליכטען זיך צו שטיצען די פעדעראַציע מאָראַליש און פינאַנציעל. מיר זיינען אויך באַגייסטערט פאַר אַ טעגליכער „וועלט“ און מיר פאַרפליכטען זיך צו העלפען מיט אַלע אונזערע קרעפטען אַז די טעגליכע „וועלט“ זאָל וואָס גיכער דערשיינען.

ל. שאַסטאַק, פינ. סעק., בר. 496.

---

דער בר. 736 אַ. ר. פון טשעלסי, מאסס., פאַרזאַמעלט צו אַ מיטינג, זונטאָג דעם 16טען אָקטאָבער, אין ליובאָר ליוסעאום, טשעלסי, אנערקענט — אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּען פון אַ. ר., וועלכע דערקלערען די נויטווענדיגקייט פון אַ פּראָלעטאַריש־פּאָליטישער פּאַרטיי, וועמעס באַזיס איז צו פאַרווירקליכען די אידעאַלען פון רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם; און נעמענדיג אין אנבאַטראַכט דאָס די ס. פּ. פון אַמעריקע — זייענדיג איינע פון די פּאַרטייען אין דעם לאַנד וואָס פירט אָן אַ קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבייטער פון דער יעצטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג — האָט לעצטענס אין גאַנצען פאַרוואָרפען אַלע גרונד־פּרינציפּען פון אַ סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער וועלט־אנשויאונג; און נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, דאָס די 7־טע קאָנווענשאָן פון דער איד. סאָצ. פעדעראַציע האָט מיט אַ מערהייט באַשלאָסען זיך אָפּצורייסען פון דער ס. פּ. און זיך שטעלען אויף דער זייט פון דער באַוועגונג, וואָס ווערט געפירט אין דעם גייסט פון דעם 3־טען אינטערנאַציאָנאַל; — זיי עס דארום באַשלאָסען, אַז מיר באַגריסען די מוטיגע האַנדלונג פון דער מערהייט מיט זייער אַרויסטריט פון דער ס. פּ., און מיר באַשליסען ווייטער צו העלפען און ערמוטיגען, מאָראַליש און פינאַנציעל די באַוועגונג וואָס שטייט אין הסכם מיט די נייע אויפפאַסונגען פון סאָציאַלער רעוואָלוציע.

ב. באָירדען, ש. פרידמאַן, מ. גאָלדבערג,
רעז. קאָם. ה. פּאָלל, סעקר.

---

אויף אונזער לעצטען מיטינג האָבען מיר איינשטימיג באַשלאָסען צו אינדאָרסירען די גוטע אַרבעט פון דעם אידעשען סאָציאַליס־

טישען פארבאנד און מיר האפען, אז די ס. פ. וועט אין גיכען ווערען א באדייטענדע קראפט אין דעם אמעריקאנעם פאליטישען לעבען.

ענגליש־שפרעכענדער דעבס ברענטש 665,
קארל גאטפריד, סעקר.

---

## א שטימע פון א געוועזענעם סעקרעטאר

געערטער רעדאקטער פון „פריינד“:

איך בין געוועזען איבערראשט צו לעזען אין סעפטעמבער נומער „פריינד“, אז איניגע ברענטשעס פראטעסטירען געגען דער נאצ. עקז. פאר געבען אינסטראקשאנס צו איר דעלעגאט פר. באסקין, אז ער זאל באגריסען די פעדעראציע קאנווענשאן, אז ס'זאל הערשען הארמאניע אין אירע רייען.

איך וויל פרעגען ביי די פריינד־פראטעסטאנטען, אז ווען דער דעלעגאט וואלט זיי באגריסט און געראטען אז זיי זאלען שפאלטען די רייען פון דער ארבעטער־באוועגונג — וואלט איר שוין ווייטער געקענט רואיג שלאפען אין אייערע היימען און זיך נישט מער פאראינטערעסירען אין אנדערע פראגען וואס ס'זיינען דא פאר דעם ארבעטער צו לייזען.

פריינדע, עס הערשט יעצט אזא גוואלדיגע ארבעטסלאזיגקייט. מיליאנען ארבעטער גייען ארום אן ארבעט. דאכט זיך, אז איר וואלט געקענט בעסער זיך ארייננטראכטען אין אט דער וויכטיגער פראגע און פיליייכט געפינען א מיטעל צו דעם איבעל; אדער רופען א קאנפערענץ פון א. ר. ברענטשעס צו זען געפינען א מיטעל אפצוהאלטען דאס שטרייכען פון פילע מיטגלידער פון ארדען, וואס דאס איז אויך א רעזולטאט פון שלעכטע אומשטענדען.

פריינדע: ברענגט נישט אריין קיין צוויסטיגקייטען אין א. ר. מיר האבען דאס גענוג אין די סאציאליסטישע ברענטשעס און יוניאנס. דארטען גייט עס שוין צו ווייט. און ווער וועט האבען דאס געווינס וואס דער ארבעטער־קלאס וועט זיך צערייסען? געוויס אונזערע אויסבייטער, אונזערע בעלי־הבתים. ביי זיי הערשט שלום און איניגקייט, און ביי אונז זיינען דא פארטייען און פארטייעלעך און גרופעלעך און אזוי ווייטער.

אויב איר ווילט נישט און קענט נישט טוען קיין וויכטיגערע זאכען, טוט בעסער גארנישט און לאזט דאס איבער פאר די וואס שטייען יעצט ביים רודער און זיינען טעטיג אין זייערע ארבעטען, לויט נאך זייערע איבערציוגונגען. קיין געהאלט קריגען זיי סיי ווי נישט און איר דארפט זיי נישט חושד זיין אין פארטייליכקייט.

איך בין שוין א מיטגליד אין א. ר. 18 יאר און בין פיל מאל נישט געוועזען איינשטימיג מיט געוויסע מיינונגען פון דער עקזעקוטיוו, ווי צום ביישפיל, אין דעם גרויסען „זיג“ פון אריינקריגען מאסאטשוזעטס אין א. ר., אדער דאס גרינדען פיצעלעך ברענטשעס אום דערנאך צו פארשווינדען. בעסער וואלטען מיר די כחות אריינגעלייגט אויפצולעבען די ברענטשעס וואס מיר האבען; אגיטירען, אז מען זאל אפשאפען די יערליכע קאנווענשאנס מיט די גרויסע אויסגאבען און די 30 טויזענטער צדקה וואס מיר גיבען ארויס, נישט רעכענענדיג אז אונזערע אייגענע מיטגלידער זיינען אויף צרות און דארפען פיליייכט אליין אנקומען צו צדקה.

איך האף אז אט דאס בריוועלע, וואס קומט פון הארצען פון א פראסטען שניידער, וועט גענומען ווערען אין דעם זעלבען זין ווי דאס איז געשריבען געווארען.

סעם ליוויי, עקס־סעק. בר. 3 א. ר.

---

אזוי ווי די יערליכע קאנווענשאנס ווערען מיט דער פארגרעסערונג פון א. ר. אלץ מער קאסטבאר און פאלען אלס שווערע לאסט אויף די מיטגלידער פון ארדען, און אזוי ווי יערליכע קאנווענשאנס קאסטען אין אלגעמיין צו טייער און זייער נויטווענדיגקייט איז איבערהויפט אונטער א פראגע—רעקאמענדירען מיר די אפשאפונג פון די יערליכע קאנווענשאנס און די דורכפירונג פון דער געזעצליכער זייט פון ארדען זאל דורכגעפירט ווערען פון דער נ. ב. אוו ד., אדער 1 דעלעגאט פון יעדען סטייט, וואו דער א. ר. איז פארטראטען, אדער דורך אזא קאמיטע, וואס וועט אם בעסטען זיין צוגעפאסט פאר דער ארבעט.

מיר פדערען אויף די נאצ. עקז. קאם. ארויסצושיקען די פראגע צו א רעפערענדום פאר אלע מיטגלידער פון אונזער ארדען. מיר אפעלירען צו אלע ברענטשעס צו אונטערשטיצען דעם פארשלאג, ער זאל קענען געזעצליך גיין פאר א רעפערענדום.

בר. 315 א. ר.
ב. צוקערזאהן, נ. פעסין, רעז. קאם.

---

ביי א ספעשעל מיטינג פון בר. 397 א. ר. איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע אין באצוג די ספעשעל אסעסמענטס פון די 50 ס. פאר דעם קאנווענשאן פאנד: נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די צאלונגען פון די מיטגלידער שטייגען מיט יעדען קווארטאל און עס איז שווער פאר דער מערהייט פון די מיטגלידער נאכצוקומען, און טראץ דעם וואס דעם ארבעטערס פארדינסטען ווערען קלענער, ווערען די בילס אלץ העכער, און צוליב די אורזאכען מוז מען ביי יעדען קווארטאל שטרייכען מיטגלידער; און אין אנבאטראכט, אז די מיטגלידער צאלען שוין יעדען קווארטאל פאר'ן קאנווענשאן פאנד, וועלכע די סומע קאן דעקען די אויסגאבען פון קאנווענשאנס, ווען זיי זאלען דורכגעפירט ווערען מיט מער עקאנאמיע — דארום באשליסען מיר צוריקצואווייזען דעם ספעשעל אסעסמענט פון די 50 ס. פאר'ן קאנגוונשאן פאנד, וועלכע די נאצ. עקזעקוטיוו פון א.ר. וויל ארויפצווינגען אויף דער מיטגלידערשאפט. מיר רעקאמענדירען אלע א. ר. ברענטשעס אנצונעמען ענליכע רעזאלוציעס.

רעז. קאם.: יעקב שאליט, מאיר צוקער,
הערי סוויט, בעני קאפלאן.

פון דער רעדאקציע: אזא רעזאלוציע איז אומגעזעצליך. מיר קענען נאר פון יעצט און ווייטער פארשלאגען, אז די קאנווענשאנס זאלען אפגעהאלטען ווערען זעלטענער. דער אסעסמענט אבער איז צו דעקען א שוין געמאכטען דעפיציט פון דער פריערדיגער קאנווענשאן און דער אפים מוז דאך האבען פון וואנען גוט צו מאכען דעם דעפיציט.

---

ביי א דזשאינט מיטינג פון אלע פינף ברענטשעס אין ניו־הייווען, זונטאג דעם 18טען סעפט., מיט דער אנוועזענהייט פון פר. ל. דינערשטיין, טשערמאן פון דער נאצ. ארג. קאמיטע, נאך א לאנגער דעבאטע וועגען דער יעצטיגער לאגע אין א. ר., איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע: נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די יערליכע קאנווענשאנס מיט די גרויסע דעפיציטען יעדען יאר מערקען זיך זייער שטארק אויף די בילס; און נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז צוליב אט די בילס מערקט זיך זייער שטארק די שטרייךמגפת אין די ברענטשעס — באשליסען מיר, אז מיר, די ניו־הייווענער ברענטשעס, פאדערען אויף די נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע צו געפינען וועגען און מיטלען ווי אזוי איינצופירען דריי־יערליכע קאנווענשאנס.

מ. שלאזבערג, סעק. פון דזשאינט מיטינג.

---

## רעזאלוציע פון א קאנפערענץ פון א. ר. ברענטשעס אין ניו־יארק

נעמענדיג אין אכט, אז דער צוועק פון א.ר. איז געוועזען צו שאפען א פארבאנד פון קלאסען־באוואוסטע ארבעטער פאר געגענזייטיגער הילף און פראלעטארישע אויפקלערונג; נעמענדיג אין אכט, אז אונזער ארדען איז באהערשט געווארען פון עלעמענטען, וואס שטרעבען אים צו פארוואנדלען אין אן ארגאניזאציע פון בלויז אינשורענס און בענעפיטס פארלעצענדיג די פרינציפיעלע יסודות, אויף וועלכע דער א. ר. האט זיך געגרינדעט, — זיי עס באשלאסען, אז מיר, די קאנפערענץ פון קלאסען־באוואוסטע דעלעגאטען פון א. ר., אפגעהאלטען אין „פארווערטס“ האל, דעם 28טען אויגוסט, צוזאמענגעשטעלט פון 85 ברענטשעס, געפינען פאר דרינגענד נייטיג אנצופאנגען א גרויסען, מינדליכען און שריפטליכען אויפקלערונגס־קאמפיין אין די רייען פון די א. ר. מיטגלידער, כדי צוריק אויפצושטעלען אונזער ארדען אויף די יסודות פונ'ם פרינציפיעלען קלאסען־קאמף און מאכען אים פאר דעם גייסטיגען צענטער פון די אידישע מאסען זיי עס ווייטער באשלאסען, אז מיר ערוויילען פאר דעם צוועק א קאמיטע פון 15, וואס זאל האבען די אויפזיכט דורכצופירען דעם דאזיגען קאמפיין, צונויפרופען ווייטערדיגע קנפערענצען און אויסארבעטען בעסערע פאליסיס פאר אונזער ארבייטער רינג.

די 15־ער קאמיטע פון דער קאנפ., דעם 28־טען אויג., אין פארווערטס־האל, נ. י.

---

## רעזאלוציע פון בר. 15 געגען דער 15־ער קאמיטע

ביי א פול־באזוכטען מיטינג פון בר. 15, דעם 6־טען נאוו., ווערט פארגעלעזען אן אויפרוף פון א 15־ער קאמיטע. נאך לאנגע דעבאטען וועגען דעם אויפרוף פון דער 15־ער קאמיטע האט דער ברענטש, מיט אלע שטימען געגען איינעם, באשלאסען צו פראטעסטירען געגען די פערזאנען, וואס ניט ווויסענדיג די טעטיגקייט פון אונזער ברענטש, ווילען אונז ארייגבלאזען א נייע נשמה. פריינדע פון דער 15־ער קאמיטע! מיר נויטיגען זיך ניט אין קיין נייער נשמה. מיר דענקען אויך, אז דער א. ר. אין אלגעמיין מיט זיין יעצטיגער טעטיגקייט אויף דעם געביט פון ארבעטער־קאמף איז גאנץ גוט פאר אונז. אויך פראטעסטירען מיר געגען מיסרעפרעזענטירען אונזער סטייט, וועלכער איז געווען אפיציעל פארטראטען אויף דער קאנפערענץ דעם 28־טען אויגוסט אין ניו־יארק. נאך געוויסע אויספארשונגען האבען מיר זיך איבערצייגט, אז קיינער פון קאנג. סטייט איז אפיציעל נישט געווען פארטראטען. כדי אוועקצושטעלען אונזער ארדען אויף די יסודות פון פרינציפיעלען קלאסען־קאמף וועלען אזעלכע אויפרופען קיין געווינשטען רעזולטאט ניט ברענגען.

ה. יאנאווסקי, טשערמאן פון מיטינג.
וו. סאק, טשערמאן פון ברענטש;
י. גאנדלער, מ. האפמאן, קאמיטע.

---

## פארשליסען די קאסע

אויף אונזער לעצטען מיטינג האבען מיר באשלאסען צו פארמאכען די קאסע פון אונזער ברענטש פאר אויסענזייטיגער הילף אויף אן אומבאשטימטער צייט.

בר. 241, קאלושער פראג. יאנג מען א. ר.

---

## מעלדונג פון בר. 395

עס טוט אונז לייד וואס מיר מוזען אונזער טרעזשורי פארמאכען צוליב אונזער שווערער פינאנציעלער לאגע פאר א יאר צייט. מיר קענען זיך ניט העלפען און בעטען די ברענטשעס נישט צו שיקען אונז קיין אפילס.

בר. 395 א. ר. ס. מאסקאוויץ, סעקר.

---

מיר האבען באשלאסען צו שליסען אונזער טרעזשורי פאר די נעקסטע 6 מאנאטען ביז צו דעם 6טען יאנואר 1922.

הערי גאלד, רעק. סעק., בר. 649.

---

בר. 84 א. ר., פלוינפיעלד, נ. דזש., האט קאלעקטירט פאר די הונגערלוידענדע אין רוסלאנד די סומע פון $378.66 און האט עס אי־

בערגעגעבען צו די „פריענדס אָף סאָוויעט ראָשיא“, וואָס דאָס וועט באַלד אַוועקגעשיקט ווערען. אין נאָמען פון בר. 84 דאַנקען מיר אַלע פּליינפיעלדער אידען, וועלכע האָבען בייגעשטייערט צו דעם פאָנד.

ה. פּערלמאַן, סעקר.

פון דער רעדאַקציע: דער ברענטש האָט באמת געטאָן אַ גוטע אַרבעט, אָבער ווי עס ווייזט אונס האָבען זיך די פירער פון ברענטש אינגאַנצען פאַרגעסען, אַז דער אַ. ר. פירט אויך אָן אַ קאַמפּיין פאַר׳ן רוסישען רעליף, ווען נישט וואָלטען זיי געשיקט דאָס געלט אין אייגענעם אָפיס, ווי אַ בר. פון אַ .ר. דאַרף טאָן.

אין דעם באַריכט פון דעם 12־טען יולי אין באַצוג צו ,אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט געפינט זיך איין פּאַראַגראַף: „אין פאַרלויף פון דיזען מאָנאַט איז אינסטאָלירט געוואָרען דער באָגרער בר. 375“. איך, אַלס סעקר. פון בר. 375 (וועלכער איז אינסטאָלירט געוואָרען מיט 3 יאָר צוריק) פאַרלאַנג פון אייך אַ דערקלערונג, צי עס איז אַ דרוקפעלער אָדער אַן אַנדער אורזאַך.

ס. עזענטהאַל, סעק. בר. 375.

פון דער רעדאַקציע: עס איז איינפאַך געוועזן אַ דרוקפעלער. עס האָט געדאַרפט זיין בר. 374.

## מ׳שרייבט אונז:

פר. י. פּאָרטאַן, סעק. פון בר. 619, פרעזנא, קאַליפ., שרייבט אונז, אַז דער יונגער ברענטש זייערער האָט שוין אויפגעטאָן אַ היבש ביסעל גוטע זאַכען אין דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ. אַזאַ קליינער ברענטשעלע האָט שוין געזאַמעלט פאַר׳ן ביפעלס רעליף $1405 אין צוויי זאַמלונגען און גרייטען זיך שוין צו אַ דריטער אונטערנעמונג. פאַר׳ן לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום איז בייגעשטייערט געוואָרען $350 און אויף דער לעצטער אונטערנעמונג, וואָס זיי האָבען געמאַכט פאַר׳ן זעלבען צוועק, האָבען זיי געמאַכט נאָך $153. די פריינדע וולאַדעק און סיימאָנס פון לאָס־אַנדזשעלעס, וואָס האָבען באַזוכט די שטאָט, האָבען זיך גאָרנישט געקענט גענוג אָפּלויבען און באַוואונדערען די גוטע אַרבעט פון אַזאַ קליינער הייפעלע מענשען.

די פריינד מ. ראַפּאַפּאָרט, ה. טענסער און ע. פּאַרמאַן, די פּרעס קאָמיטע פון בר. 592 שרייבען אונז וועגען זייער ענערגישער אַרבעט פאַר דעם הילפס־קאַמפּיין פאַר די הונגעריגע אין סאָוועט־רוסלאַנד. זיי האָבען געמאַכט אַ הויז־צו־הויז קאָלעקשאָן, וואָס האָט אַריינגעבראַכט $120. זיי האָבען זיך אָבער מיט דעם נישט באַנוגענט. זיי האָבען אויך גע׳פּועל׳ט ביי דעם סיטי־קאונסיל צו מאַכען דעם 24־טען סעפּט. אַ „טעג־דעי“, און זיי האָבען דורך דעם געזאַמעלט נייע $620. אויסער דעם האָט דער־רעק. סעק. פון בר., פר. קאַצמאַן, געזאַמעלט אויף אַ חתונה ביי מר. קאַהאַן פאַר׳ן זעלבען צוועק נאָך $20. די אַלע סומעס האָבען זיי איבערגעשיקט אין גענעראַל־אָפיס. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּרעס קאָם. דאַנקט די אַלע פריינד, וואָס האָבען מיטגעהאָלפען, אַז די אונטערנעמונגען זאָלען זיין ערפאָלגרייך.

די באַנקעט אַריינדזשמענטס קאָמיטע פון בר. 585 שרייבט אונז, אַז זיי האָבען אַראַנזשירט אַ פּרעכטיגען באַנקעט לכבוד זייער פריערדיגען סעקר. פר. ראָזענבלום, וואָס איז געוועזן דער גייסטיגער פאָטער פון ברענטש און האָט די גאַנצע צייט זיינע געדינט דעם ברענטש געטריי און איבערגעבען. די פאַרזאַמעלטע פריינד האָבען איינער נאָכ׳ן אַנדערן אָנגעוויזען אויף די גרויסע פאַרדינסטען פון פר. ראָזענבלום פאַר׳ן ברענטש און געוואונשען אים געזונט און ווייטערע גוטע טעטיגקייט פאַר די אידעאַלען פון אַ. ר.

אויפ׳ן באַנקעט זיינען אויך געוועזן מוזיקאַלישע קרעפטען און מ׳האָט אויך נישט פאַרגעסען אָן דער אַלטער היים, שאַפענדיג עטליכע צענדליג דאָלער פאַר׳ן רעליף. אין די רעדעס און קאָנצערט האָבען זיך באַטייליגט פאָלגענדע פריינד: פר. פישעלזאָן, פר. מיטעלמאַן, פר. שעכטערמאַן און מאַדאַם ציערמאַן, פר. אויהל מיט זיין פרוי, אויך די פריינד באָקלער, קאָפּער, גרעכער.

## אָפיציעלע צירקולאַרען

פון גענעראַל־אָפיס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פאָלגענדע וויכטיגע צירקולאַרען צו אַלע ברענטשעס פון אַ. ר.

1) וועגען דעם 25 טויזענט דאָלער קאַמפּיין פאַר דער „האַיאַס“ (היברו אימיגראַנט איוד סאָסייעטי).

2) וועגען דעם הילפס־קאַמפּיין, וואָס דער אַ. ר. פירט אָן פאַר די הונגעריגע אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

3) צו אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס וועגען דער שטרייך־מגפה און וועגען אַ לעבעדיגער טעטיגקייט אין אַ. ר. אויף אַלע געביטען.

4) צו אַלע ברענטשעס אין נ. י. און אומגעגנט וועגען דער פייערליכער ערעפנונג פון אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין מאַנהעטען אָפּערא הויז.

5) צו אַלע נ. י. ברענטשעס וועגען די נייע מעדיקאַל עקזאַמינערס.

6) צו אַלע מעמבערס עט לאַרדזש אין מאַסס. סטייט, וועגען זייערע טאָפּעלטע אינשורענס פּאָליסיס.

7) צו אַלע ברענטשעס אין אַ. ר. פון מאַסס. סטייט, וועגען די וואַלען צום סטייט־קאָנפערענץ.

8) צו אַלע דיסטריקטען און סטייטס, וועגען די וואַלען פון די נאַצ. דירעקטאָרען.

9) צו אַלע פינאַנץ־סעקרעטאַרען פון מאַסס. סטייט, וועגען אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ אין פאַרבינדונג מיט די אָפיס־רולס און בוכפירונג אין די אַ. ר. ברענטשעס.

10) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט, וועגען פּראָפ. חפץ׳ס בוך „געשיכטע פון פּאָגראָמען אין אוקראַינע“.

11) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט, וועגען אויסנוצען די לערער פון די אַ. ר. שולען פאַר אַלגעמיינע עדיוקיישאָנאַל אַרבעט.

12) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט צו אַלע לערער פון די אַר. רינג שולען, אַז זיי זאָלען ווערען אַקטיוו אין דער קולטורעלער טעטיגקייט פון אַ. ר.

13) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט צו אַלע ברענטשעס וועגען „קינדערלאַנד“.

41) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט צו אַלע ברענטשעס וועגען טעמעס און לעקטאָרס פאַר׳ן ווינטער־סעזאָן.

15) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט צו אַלע אַ. ר. שולען וועגען דער ספּעציעלער שולוואָך אין ענדע דעצעמבער.

## רעזאָלוציעס

נאָך ברענטשעס, וואָס האָבען אַריינגעשיקט פּראָטעסט־רעזאָלוציעס געגען דער גענ. עקזעקוטיוו קאָם. פאַר נעמען אַ שטעלונג אין דעם קאָנפליקט פון דער אידעשער סאָצ. פעדעראַציע און די ס. פּ., זיינען די פאָלגענדע:

בר. 131, באָברויסקער, שיקאַגאָ, אונטערגעשריבען רעז קאָם. — ל. קאָהן, י. גינזבורג, א. וויינשטיין.

בר. 90, טרענטאָן, נ. דזש., אונטערגעשריבען רעז קאָם. — ה. אַרלין, י. לעהמאַן, מ. ראַפּאַפּאָרט.

בר. 589, י. ל. פּרץ, ניו־האַווען, אונטערגעשריבען רעז. קאָם. — ב. מאַרקעל, י. זאַלקינד.

## דער „בונד“ אין רומעניען בעט הילף!

צו די אַמעריקאַנער אידישע אַרבעטער!

טויזענטער מיילען פון אייך, אין אַ פאַרוואַרפען ווינקעל פון אייראָפּע, אין דער פינסטערער רומעניע, דאָרט וואו די שוואַרצע רעאַקציע האָט זיך אַם שטאַרקסטען פאַרפעסטיגט, דאָרט וואו אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס ווערען פאַרמאַכט און צעבראַכען און זייערע פירער פאַרפולען די טורמעס, דאָרט לעבט און קעמפּט אונטער די שווערסטע באַדינגונגען די אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, מיט דעם פאַר אייך אַזוי גוט באַוואוסטען נאָמען „בונד“.

זיין צענטער געפינט זיך אין בוקאָווינע. די בוקאָווינער אידעשע אַרבעטער האָבען פאַר דער מלחמה, ווען דאָס קליינע לאַנד האָט נאָך באַלאַנגט צו עסטרייך, געבילדעט אַ טייל פון׳ם גאַליצישען „בונד“. די רעזולטאַטען פון׳ם קריג האָבען אונז אָפּגעריסען פון אונזער מוטער־פּאַרטיי. זיי האָבען אונז אָבער אין דערזעלבער צייט געגעבען אַ געלעגענהייט זיך פאַראייניגען מיט די טויזענטער אידעשע אַרבעטער פון בעסאַראַביע און רומעניע.

תיכף נאָכ׳ן סוף פון דער מלחמה, וויבאַלד די נייע רומענישע מאַכט האָט נאָר אויף וויפיל ס׳איז דערלאָזט פאַרזאַמלונגען, פּרעסע און פאַראיינען, האָבען מיר ווידער אַוועקגעשטעלט אונזער בוקאָווינער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער מיר האָבען צונויפגעזאַמעלט אין משך פון אַ קורצער צייט אַן ערך 8 טויזענט אַרבעטער, אויסבויענדיג אין דערזעלבער צייט די געווערקשאַפטען.

אונזערע ווייטערע שטרעבונגען האָבען פאַר אַ ציל צונויפצוזאַמלען אונטער דער פאַן פון „בונד“ אויך די אַרבעטער פון בעסאַראַביע און אַלט־רומעניע. נאָר דער פאַקט וואָס אין די ביידע טיילען פון גרויס־רומעניע ווילדעוועט די רעאַקציע נאָך פיל שטאַרקער ווי ביי אונז, האָט אונז ביז איצט געשטערט אין גאַנצען אויסצופירען דעם פּלאַן פון אַן אַל־רומענישען אידעשען אַרבעטער־בונד. אָבער נישט קוקענדיג דערויף, זיינען מיר אין אונזער אַרבעט נישט מיד געוואָרען און זי האָט אויך ביז אַהער געבראַכט זייער שיינע פּירות.

אין בוקאָווינע האָט אונזער פּאַרטיי ביי די וואַלען אין 1920 אַוועקגעטראָגען אַ גרויסען נצחון איבער די ציוניסטען און מיר האָבען אַריינגעשיקט אַן אייגענעם דעפּוטאַט אין דעם רומענישען פּאַרלאַמענט, דעם בונדיסט, חבר דר. פּיסטינער.

איז פאַרשפּרייט אין רומעניע און בעסאַראַביע, אומעטום וואו ס׳זיינען פאַראַן אידעשע אַרבעטער, אונזער צייטונג „דאָס נייע לעבען“, און זיין איינפלוס אויף די אַרבעטער און בכלל אויף דער באַפעלקערונג איז זייער אַ גרויסער. די צייטונג האָבען מיר געגרינדעט מיט ליידיגע קאַסעס און נאָר די גרויסע צוגעבונדענקייט פון אונזערע מיטגלידער צו דער פּאַרטיי האָבען מעגליך געמאַכט דאָס דערשיינען פון דער צייטונג.

העכער 2 יאָר פירט „דאָס נייע לעבען“ אַ שווערען קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ. די רעדאַקציע איז אַן אומזונסטיגע, אָבער די דרוק־הוצאות שטייגען פון טאָג צו טאָג. מיט דעם אַבאָנענטען־פּרייז קען מען נישט מער העכער אַרויפגיין און נאָר דורך די פרייוויליגע שפּענדען פון אונזערע מיטגלידער איז מעגליך געוועזן ביז אַהער צו דעקען די גרויסע דעפיציטען.

אָבער די אָרעמע אַרבעטער־גראָשענס זיינען נישט אימשטאַנד נאָכצוהאַלטען די שנעלקייט, מיט וועלכער ס׳יאָגען זיך די שטענדיגע פּרייז־העכערונגען פון דרוק און פּאַפּיר און מיר זען קומען די צייט, ווען די איינציגע, אידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־צייטונג אין רומעניע וועט זיך מוזען פאַרמאַכען.

דער „בונד“ אין רומעניע וואָלט דאַן פאַרלאָרען די איינציגע טריבונע זיינע, מיט וועלכער ער טראָגט־אַריין דאָס לעבעדיגע וואָרט פון סאָציאַליזם אין די ברייטע מאַסען. אָבער דער שאָדען וואָלט נאָך גרעסער געווען, ער וואָלט אַריבערגעגאַנגען די רייען פון דער אייגענער פּאַרטיי: „דאָס נייע לעבען“ איז היינט איינע פון די ווייניגע אידעשע צייטונגען אין רומעניע, וואָס האָט דעם מוט, אין אַן אַטמאָספערע פון געוואַלט־אַקטען און אָפיציעלען אַנטיסעמיטיזם, אָפען און ענערגיש צו פאָדערען גלייכע, נאַציאָנאַלע און בירגערליכע רעכט פאַר די אידען.

דאָס טאָרט איר אַמעריקאַנער אידעשע אַרבעטער נישט דערלאָזען. פאַר אייך קען נישט גלייכגילטיג זיין דער גורל פון די אידעשע אַרבעטער און בכלל פון די אידעשע פאָלקמאַסען אין רומעניע.

קענענדיג אייער מיטגעפיל פאַר דער פיזישער און גייסטיגער נויט פון די מזרח־אידעשע פאָלקסמאַסען, דערוואַרטען מיר פון אייך, אַז איר וועט נישט רואיג צוקוקען ווי דאָ אין רומעניע לעשט זיך אויס דער איינציגער פונק פון אידעש־סאָציאַליסטישער אויפקלערונג.

מיר ווייסען וויפיל איר האָט ביז אַהער געטון פאַר׳ן אידעשען אַרבייטער־קלאַס אין מזרח־אייראָפּע. מיר האָבען געלייענט מיט פאַרגעניגען, וויפיל שטיצע איר האָט געגעבען אונזערע חברים אין פּוילען און מיר האָבען זיך געפרייט. וואָס מיר אַליין האָבען נאָך געקענט אויסקומען אָן שטיצע און זיינען געוועזן געצוואונגען אויף וויפיל ס׳איז צו פאַרקלענערן די הילף, וועלכע איר האָט געגעבען די אַנדערע.

מיר האָבען ביז איצט נישט געפאָדערט און

ניט באקומען אפילו איין אמעריקאנעם דאלער, און גלויבט אונז, חברים, ווען מיר ווענדען זיך איצט צו אייך, איז עס דערפאר, ווייל די נויט איז שוין אם העכסטען, ווייל די שטיצע וואס מיר דערוואַרטען פון אייך איז פשוט די איינציגע לעבענסמעגליכקייט פאר אונז. זאגט אייך דעריבער נישט אפ דערפון אונז צו דערלאנגען אייער ברודערהאנט. העלפט אונז!

ארגאניזירט זאמלונגען! און שיקט דאס געלט דורכ'ן אפיס פונ'ם א. ר.

מיט ברידערליכען גרוס,
דער צענטראל־קאמיטעט פון „בונד“.
דר. יעקב פיסטינער, נתן טראפער.

פאר דער רעדאקציע:
רעדאקציע „דאס נייע לעבען“, טשערנאוויץ.

## ניו־יארקער הילפס־קאנפערענץ פון א. ר. פאר רוסלאנד

די קאנפערענץ פון א. ר. ברענטשעס, איינבארופען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע צו שאפען הילף פאר די הונגער־ליידענדע אין סאוויעט רוסלאנד, ווערט ערעפענט ארום 8 א זייגער אווענט, דינסטאג דעם 29־טען אויגוסט 1921, אין פארווערטס האל, 175 איסט בראדוויי. דער טשערמאן פון דער נאציאנאלער א. ר. עקזעקוטיווע, פריינד גוסקין, דערקלערט דעם צוועק פון קאנפערענץ. „מיר דארפען זוכען מיטלען צו זען העלפען די ליידענדע פון דער סאציאליסטישער רעפובליק אין רוסלאנד און די הילף דארף נעשאפען ווערען פון א. ר. גופא און דער הילף פון אנדערע ארגאניזאציעס. די נויט איז שרעקליך. מיר דארפען טאן אונזער פליכט אלס ארבעטער און אידען. די הילף דארף אריינקומען אין דעם אפיס פון א. ר. און די עקזעקוטיווע וועט זען ווי אזוי די הילף צו באטיילען. עס וועלען אוועק נאך איינינע מאנאטען איידער דאס געלט וועט געזאמעלט ווערען און די עקזעקוטיווע וועט דאן זען וואו דאס געלט איז אם נויטיגסטען. די עקזעקוטיווע רעקאמענדירט, דאס דער פאנד זאל זיין אי אן אלגעמיינער, אי פאר אידען.“ פר. גוסקין ענדיגט זיין רעדע מיט אן אפיל, דאס די פארהאנדלונגען זאלען געפירט ווערען זאכליך, אום צו דערגרייכען גוטע רעזולטאטען. פר. נ. לאנדאן פון בר. 561 ווערט ערוויילט אלס טשערמאן, פר. דינערשטיין אלס וויים־טשערמאן און די פריינד י. דריישפיל פון בר. 74 און מ. איוועגקי פון בר. 194 ווערען ערוויילט אלס סעקרעטארען פון קאנפערענץ. דער טשערמאן פון קאנפערענץ, פר. נ. לאנדאן, דריקט אויס זיין מיינונג, דאס די הילף פון א. ר. דארף ניט באטראכט ווערען אלס צדקה פון רחמנות־געפיל, נאר אלס פליכט פון איין טייל פון אלוועלטליכען פראלעטאריאט פאר דעם קעמפענדען פראלעטאריאט פון רוסלאנד.

עס ווערט אפאינטעט א קרעדענשעל קאמיטע פון די פריינדע סיגעל, נודעלמאן, בר. 275, אייבראמס, בר. 4, פלאטקין, יאנג און גאלדין, בר. 1.

עס ווערט דאן אויפגענומען די פראגע וועגען דער רעקאמענדאציע פון דער גענעראל עקזעקוטיוו ווי אזוי די רעליף־ארבעט אין רוסלאנד זאל אנגיין. פר. זאלצמאן שלאגט פאר, דאס די רעקאמענדאציע פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע זאל אנגענומען ווערען ווי פארגעשלאגען, נעמליך, דאס דער רעליף־פאנד זאל זיין אי אן אלגעמיינער, אי פאר אידען. פר. פעלדמאן, בר. 149, דענקט, דאס דער פארשלאג קען נים אויפגענומען ווערען איידער מען וועט באשטימען אז די הילף זאל זיין אן אלגעמיינע. פילייכט וועט זיך די קאנפערענץ ארויסזאגען בלויז פאר אידישע הילף. פר. גוסקין דערקלערט, אז די פיפעלס רעליף, וואו דער א. ר. איז אויך פארטראטען, פארנעמט זיך מיט אידישע הילף. פאר דעם צוועק צו שאפען בלויז אידישע הילף וואלטען מיר נעגאנגען האנט אין האנט מיט דער פיפעל רעליף. די קאנפערענץ טראגט אבער אן אנדער כאראקטער. זי איז בארופען געווארען צוליב דעם הונגער, וועלכער הערשט אין רוסלאנד, און דעריבער איז שוין א פעסטגעשטעלטע זאך דאס די קאנפערענץ האט צו פארהאנדלען אויך אלגעמיינע הילף.

פאר דער קרעדענשעל קאמיטע באריכטעט פר. אייבראמס פון בר. 4: עס זיינען פארטראטען אין קאנפערענץ 176 ברענטשעס פון 385 דעלעגאטען. 5 ברענטשעס זיינען פארטראטען מיט 3 דעלעגאטען. די סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע איז פארטראטען מיט 2 דעלעגאטען. אלע דעלעגאטען ווערען צוגעלאזען לויט דער רעקאמענדאציע פון דער קרעדענשעל קאמיטע.

אין די דעבאטען וועגען דעם כאראקטער פון רעליף נעמען אן אנטייל פאלגענדע: פאר אויסשליסליך רוסישען רעליף: פוקס, לאטקער, סוד, יעקב לעווין, און פארלעגער. פאר רוסישען און אידישען צוזאמען: באסקין, גוסקין, האלפערין (בר. 99), זאלצמאן, סיגעל, פאדניק, ציגאמאן, ראבערטס און שפייער. פאר אויסשליסליך אידישען רעליף: גארדין, סאלאוויאוו און פעלדמאן.

דער טשערמאן פון קאנפערענץ, פר. נת לאנדאן, נעמט די פריווילעגיע צו זאגען א פאר ווערטער. ע איז נים קיין רחמנות־געפיל, וועלכער באהערשט אונז. מיר טאן אונזער רעוואלוציאנערען חוב. פארברענט זיינען געווארען די פעלדער פון סענטראל רוסלאנד, וועלכע האט אויסגעהאלטען די אטאקעס פון די קאלטשאקס, די דעניקינס א. אז. וו. טוט אייער חוב צו די רוסישע ארבעטער און פויערים.

ער ווערט פארגענומען די אפשטימונג איבער די 3 פארשלאגען:

פאר'ן סאבסטיטוט, דאס עס זאל זיין
בלויז אידישע הילף, שטימען — — — 43
פאר'ן עקזעקוטיוו פארשלאג,
אידישע און רוסישע — — — — — 119
פאר'ן אמענדמענט,
בלויז פאר אלגעמיינע רעליף — — — 158

פר. גוסקין מאכט א דערקלערונג, אז די קאנפערענץ, בארופען פון ניו־יארקער ברענטשעס, קענען זיין בלויז בינדענד פאר ניו־יארק. עס איז ניט קיין קאנווענשאן, וועמעס באשלוסען זיינען בינדענד פאר דאס גאנצע לאנד. מיר וועלען דורכפירען 100 פראצענט אלע באשלוסען פון ניו־יארקער קאנפערענץ, אבער דאס זעלבע וועלען מיר טאן מיט אנדערע קאנפערענצען, ווי זייערע באשלוסען וועלען נים זיין.

איינינע דעלעגאטען מעלדען, אז זייערע ברענטשעס וועלען זיך פארפליכטען בייצושטייערן פאר דעם אלגעמיינעם רעליף. בר. 183 — $100; בר. 50 — $50; בר. 33 — $100; בר. 406 — $25; יעקב לעווין — $25. בר. 295 האט שוין געשאפען $561 און בר. 51 — $50.

עס ווערען געשטעלט פראגען, צי מען וועט זיך רעכענען מיט די באשלוסען פון אינדיווידועלע ברענטשעס.

דער טשערמאן פון קאנפערענץ דערקלערט, אז מאראליש איז יעדער ברענטש פארפליכטעט צו ארבעטען לויט דעם באשלוס פון דער דאזיגער קאנפערענץ. יעדער ברענטש האט אבער דאס רעכט צו באשליסען פאר וועמען זייער געלט זאל גיין.

עס ווערט באשלאסען, אז עס זאל אויסגעקליבען ווערען א קאמיטע פון 25, צו טאן די ארבעט אונטער דער אויפזיכט פון דזש. נאצ. עקזעקוטיוו.

עס ווערט באשלאסען, אז עס זאל איבערגעגעבען ווערען צום פרעזידיום, באשטייענד פון די 2 סעקרעטארען און דעם טשערמאן פון קאנפערענץ, אויסצוקלייבען די 25 פאר דער קאמיטע. דערמיט ווערט די קאנפערענץ געשלאסען.

פאלגענדע זיינען אויסגעקליבען אין 25־ער קאמיטע: נודעלמאן, בר. 275; מ. איוועננסקי, בר. 194; נ. לאנדאן, בר. 561; פלאטקין, בר. 272; יאנג, בר. 406; באכאר, בר. 417; אסטראווסקי, בר. 316; ראזען, בר. 620; א. דינערשטיין, בר. 99; מאלאט, בר. 183; ד. שקליאר, בר. 231; זאלצמאן, בר. 286; עבעריל, בר. 346; סיגעל, בר. 550; בערמאן, בר. 560; גאלדינג, בר. 367; יעקב לעווין, בר. 96; קלופט, בר. 150; דר. סילווערבערג, בר. 87; פערלעגער, בר. 246; מאטלין, בר. 2 בלאק, בר. 99; ראבערטס, בר. 291; סארקין, בר. 75; פאדניק, בר. 149. דזש. דריישפיל, בר. 74; מ. איוועננסקי, בך. 194.

## קאליפארניע סטייט קאנפערענץ פון א. ר.

(אפגעהאלטען דעם 4־טען און 5־טען סעפטעמבער אין אוקלאנד, קאליפארניע.)

די 13 ברענטשעס פון סטייט זיינען געווען פארטראטען דורך 19 דעלעגאטען.

פריינד דזש. פרענקעל פון בר. 287 ערעפענט מיט א שיינער רעדע די קאנפערענץ, און פר. ה. ל. סיימאנס פון לאס אנדזשעלעס שטעלט פאר דעם צייטווייליגען טשערמאן פר. א. שאפירא פון ל. א., וועלכער באגריסט די דעלעגאטען און ווינטשט זיי ערפאלג אין זייער ארבעט. פר. ה. שער פון בר. 655 ווערט ערוויילט אלס טשערמאן פון דער ערשטער זיצונג.

ה. קאבליק פון סאן פראנציסקא און י. פריעדלאנד פון ל. א. ווערען איינשטימיג ערוויילט צו זיין די סעקרעטארען פון קאנפערענץ.

אין קרעדענשעל קאמיטע ווערען ערוויילט. דזש. סטיין, ד. רויטמאן, י. ווילענסקי, וו. אייזיקמאן און א. שניידער.

באגריסונגס־רעדעס ווערען געהאלטען פון: פר. ב, קאהען, עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון ל. א. סאניטאריום; גענ. קאמעראן, ה. קינג, סטייט סעקרעטאר פון דער סאציאליסטישער פארטיי; גענאסע ב. וולאדעק פון ניו־יארק, און פארשטייער פון די ברענטשעס און פריינדליכע ארגאניזאציעס.

עס ווערט באשלאסען צו טעלעגראפירען צו דער קאנפערענץ פון דער אידישער פעדעראציע, אז זיי זאלען זיך נישט אפרייסען פון דער פארטיי.

די סטייט קאנפערענץ דערמאנט דעם פריציייטיגען טויט פון דעם געוועזענעם אקטיווען מיטגליד פון בר. 114, לואיס קאבליק, און די אנוועזענדע שטעלען זיך אלע אויף צו דעם אנדענקען פון פארשטארבענעם פריינד.

עס ווערט באשלאסען צו שיקען דערמונטערונג־טעלעגראמען צו גענאסע יודזשין וו. דעבס, טהאמאס מוני און ווארען בילינגס, ווי אויך א טעלעגראמע צו פרעזידענט הארדינג, פאדערענדיג די באפרייאונג פון די פאליטישע ארעסטירטע.

פאלגענדע זיינען פארטראטען מיט שטימרעכט צו דער סטייט קאנפערענץ: בר. 114: ט. מיילס און א. שניידער; בר. 287, ד. ראטמאן; בר. 248, דזש. לעוויט און וו. אייזיקמאן. בר. 358, ב. קאראסיק: בר. 443, דזש. סטיין, ל. ניישטיין און א. שאפירא; בר. 512, י. פריעדלאנד; בר. 556, ה. שעהר: בר. 304, ה. ראוז; בר. 619, ס. גרינבערג; בר. 654, ה. ל. סיימאנס; בר. 658, ה. ליבשיטץ; בר. 659, י. ווילענסקי: בר. 660, י. ה. עטקענס; ה. קאבליק פון נארטהערן קאליפ. דיסטריקט קאמיטע און י. פארבער פון ל. א. סיטי דיסטריקט קאמיטע.

א דיסטריביושאן קאמיטע פון 5 ווערט ערוויילט פון: דזש. לעוויט, טה. מיילס, ל. ניישטיין, ב. קאראסיק און ד. ראטמאן.

### צווייטע זיצונג

פר. א. שאפירא, טשערמאן, און א. שניידער, וויים־טשערמאן.

### רעפארטס

פר. ה. ל. סיימאנס לעזט פאר דעם פראטאקאל פון לעצטען יערליכען קאנפערענץ אום צו באקאנען די דעלעגאטען מיט די פארהאנדלונגען און באשלוסען פון לעצטען יאר.

פר. שעהר באריכטעט פאר דער ל. א. סיטי דיסטריקט קאמיטע. ער דערציילט פון דעם פראגרעס, וואס דער א. ר. האט געמאכט אין לאס־אנדזשעלעס, וועגען די לעקטשורס וואס זיינען געהאלטען געווארען מיט ש. ניגער, ווי אויך פון דער גוטער ארבעט וואס עס איז געטאן געווארען צו גונסטען די מלחמה קרבנות דורך זייער אנטייל־נעמען אין דער פיפעלס רעליף קאמיטע און פאר דעם סאניטאריום. רעפארט ווערט אנגענומען און פר. שעהר ווערט באדאנקט.

פר. ה. קאבליק, סעקרעטאר פון דער נארטהערן קאליפארניע דיסטריקט קאמיטע, באריכטעט פאר זיין דיסטריקט. ער זאגט, אז זיי האבען געזען דורכצופירען אלע באשלוסען פון לעצטען יאר, דורך ארגאניזירען א פיפעלס רעליף ברענטש, געהאלפען דעם רעליף פאנד פון די עקס־פאציענטען פון א. ר., בייגעשטייערט צום אדמיניסטריישאן בילדינג פאנד, האבען באזוכט די עקזיסטירענדע ברענטשעס און געהאלפען ארגאניזירען די ברענטשעס אין פעטאלומא און סטאקטאן.

זיי האפען אין גיכען צו ארגאניזירען ברענטשעס אין סאקראמענטא און אין וואליערא.

דער באריכט ווערט אנגענומען און דער אפגעבער ווערט באדאנקט.

פר. סיימאנס, סטייט סעקרעטאר, לעזט פאר זיין באריכט און ברענגט פאקטען און ציפערן פון דעם גרויסען פארשריט, וואס די ברענטשעס האבען געמאכט.

לויט די רעפארטס, האט קאליפארניע צוגעקריגען פאר דעם יאר 6 נייע ברענטשעס און 400 מיטגלידער. די ברענטשעס האבען דורכ'ן יאר געשטיצט פארשידענע אנשטאלטען און ברענטשעס מיט איבער $16,000.

זיין רייזע איבער'ן סטייט האט פיל געהאלפען צו ערוואכען אינטערעס אין די ברענטשעס, אויך האט ער געהאלפען ארגאניזירען נייע ברענטשעס.

דער באריכט ווערט אויפגענומען מיט גרוים באגייסטערונג און פר. סיימאנס ווערט באדאנקט פאר זיין גוטער ארבעט.

פאלגענדע קאמיטעס זיינען באשטימט געווארן: רעליף: א. שאפירא, ב. קאראסיק, ה. קאבליק, י. ווילענסקי, ד. וויגאנער און ס. גרינבערג. ארגאניזאציאן, עדיוקיישאן און קאנפערענץ: ה. ל. סיימאנס, טה. מיילס, ד. ראטמאן, י. פארבער, דזש. סטיין, וו. אייזיקמאן, און ה. ראוז. רעזאלוציאנס קאמיטע: ה. שעהר, א. שניידער, דזש. לעוויט, ל. ניישטיין, ה. י. עטקינס און ד. ליבשיטץ.

אדמיניסטריישאן בילדינג קאמיטע רעפארטעט: איינגאמע $1413.00, אויסגאבען $348.26, באלאנס $1069.76. רעפארט אנגענומען.

אין באצוג צו דעלעגאטען צו דער נעקסטער קאנווענשאן, ווערט באשלאסען, דאס דער נארטהערן דיסטריקט זאל ערוויילען פון זיך 1 דעלעגאט, און דער סאוטהערן דיסטריקט — 1 אדער 2 (לויט די צאל וואס די טעריטאריע איז בארעכטיגט).

אין אנבאטראכט, אז די נאצ. עקז. פון א. ר. האט גוטגעהייסען אונזער פאדערונג, אז קאליפארניע סטייט זאל זיין פארטראטען אין דער נאציאנאלער באארד אוו דירעקטארען, ווערט באשלאסען גלייך צוצוטרעטען צו דער נאמינירונג פון א דעלעגאט און „אלטערנייטס“.

פאלגענדע ווערען נאמינירט: פאר מעמבער פון נאצ. באארד אוו דירעקטארען: דזש. לעוויט און ה. ל. ייסאנס (1 צו ערוויילען). פאר אלטערנייטס: ה. קאבליק, ה. שעהר, דזש. פריינקעל, א. שאפירא, ד. ראטמאן און ל. ניישטיין (3 צו ערוויילען). פון די ערוויילטע: מעמבער און אלטערנייט, זאל יעדער איינער פון זיי זיין בארעכטיגט צו פארען צו איין זיצונג פון דער באארד. די ערוויילטע זיינער ערוויילט פאר 2 יאר. באשלאסען ארויסצושיקען צו שטימען ביי א רעפערענדום.

וועגען דער נעקסטער סטייט קאנפערענץ ווערט באשלאסען ארויסצושטעלען אויף דעם רעפערענדום סאן־דיעגא און סטאקטאן.

### דריטע זיצונג

מאנטאג, דעם 5־טען סעפטעמבער

טאג־ארדענונג: קאמיטע באריכטען: 1) ארגאניזאציאן, 2) עדיוקיישאן, 3) בודזשעט, 4) צאל פארטרעטערשאפט. רעליף: 1) די אידען אין רוסלאנד, 2) רוסלאנד, 3) פאלקסצייטונג, 4) סאניטאריום, 5) רעזאלוציאנען. — שלוס פון קאנפ.

ארגאניזאציאנס־ארבעט: 1) דער סלאגאן פאר דעם יאר זאל זיין 1800 מעמבערס צו דער נעקסטער סטייט קאנפערענץ. 2) די ברענטשעס זאלען באזוכט ווערען פון די מיטגלידער

צו דער נאצ. באָרד און דירעקטארען. 3) די דיסטריקט קאמיטעטען זאלען אפגעבען מער צייט פאר ארגאניזאציאנס־ארבעט. 4) ברענטשעס, וועלכע קענען ניט זיין פארטראטען אין די דיסטריקט קאמיטעטען, זאלען שאפען ארגאניזאציאנס קאמ. פאר זייערע. 5) די נארטהערן קאליפארניע דיסטריקט קאמ. און די סאוטהערן דיסטריקט קאמ. בלייבען זעלבסטשטענדיג אין זייער ארבעט און האנדלונגען. 6) א סטייט סעקרעטאר זאל זיין איינער פון דיסטריקט קאמ. עס בלייבט פאר'ן סטייט קאנפערענץ צו באשליסען וועלכער דיסטריקט עס זאל זיין דער סטייט אפיס. אלע רעקאמענדאציעס ווערען אנגענומען.

ה. קאבליק פון דער נארטהערן קאליפארניע דיסטריקט קאמיטע פון סאן־פראנציסקא ווערט איינשטימיג ערוויילט אלס סטייט סעקרעטאר.

7) א פארשלאג, אז דער בודזשעט פאר דעם סטייט און פאר אויסגאבען פון קאנפערענץ זאל זיין $700 — ווערט אנגענומען. 8) די עדיוקיישאנאל ארבעט זאל אנגעפירט ווערען פון די ברענטשעס מיט דער הילף פון די דיסטריקט קאמיטעס. 9) די פארטרעטערשאפט צום סטייט קאנפערענץ זאל זיין איינער פון יעדען ברענטש. ברענטשעס, וועלכע ציילען מער ווי 100 מיטגלידער, זאלען קענען זיין פארטראטען דורך איינעם פון יעדע הונדערט.

פאלגענדע רעזאלוציעס ווערען אנגענומען: 1) א מינדליכע און שריפטליכע אגיטאציע צו גונסטען דעם אדמיניסטריישאן בילדינג פאנד, און א פאדערונג צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו זיי זאלען ארויסשיקען אן אפיל צו די ברענטשעס פאר דעם זעלבען צוועק. 2) צו שטיצען די ל. א. דיסטריקט קאמיטע אין זייער אנגענומענעם פראטעסט נעגען די לעצטע ענדערונגען אין דער קאנסטיטוציע אין באצוג דער ערוויילונג פון דער עקזעקוטיוו ביי א קאנווענשאן און די פארלעצונג פון דעם רעפערענדום אין געוויסע האנדלונגען. 3) צו באדאנקען דעם בר. 287 פון אוקלאנד פאר זייער גאסטפריינדליכקייט און שיינע אראנדזשמענטס פון דער סטייט קאנפערענץ. 4) צו באדאנקען די דיסטריקט קאמיטעס. 5) צו באדאנקען דעם סטייט סעקרעטאר ה. ל. סיימאנס און אים פרעזענטירען מיט א „לאווינג קאפ" אויפ'ן חשבון פון די ברענטשעס. 6) צו אינדארסירען די ל. א. „פאלקסצייטונג", וועלכע דינט די אינטערעסען פון א. ר. און דער ארבעטער־באוועגונג. אויפפאדערען די ברענטשעס און מיטגלידער צו שטיצען די צייטונג מאראליש און פינאנציעל. 7) רעזאלוציע צו גונסטען דער „וואלט וויטמאן" מאדערן סקול פון ל. א.; די מאדערן סקול פון סאן־פראנציסקא און די א. ר. פאלקס־שול פון לאס אנדזשעלעס.

רעליף: 1) א רעזאלוציע צו שטיצען די אידען פון רוסלאנד, אוקראינע און לאטוויע דורך א פראפארציאנעלער בייסטייערונג פון די ברענטשעס ווי פאלגט: לאס־אנדזשעלעס $6000, סאן־דיעגא $1500, סאן־פראנציסקא $1000, פרעזנא $1000, אוקלאנד $500, סטאקטאן $300, פעטאלומא $200, סאנטא־בארבארא $200, און צו פארשטארקען די עקזיסטירענדע פיפעלס רעליף־ברענטשעס און גרינדען נייע ברענטשעס דארט וואו אזעלכע זיינען נאך נישטא, אום דורכצופירען די באשלוסען פון דער ניו־יארק קאנפערענץ, אפגעהאלטען אין אויגוסט, אין באצוג צו דער רעליף פאר די איבערגעבליבענע לײדענדע. 2) צו גונסטען דעם הילפס־פאנד פון סאוויעט־רוסלאנד פאר די הונגער־ליידענדע געגענדען. 3) צו גונסטען דעם לאס־אנדזשעלעסער סאניטאריום זאל אן אפיל אינדארסירט ווערען, אום ארויסצושיקען צו די ברענטשעס פון לאנד.

נאך דעם ווי עס ווערען געהאלטען שלום־רעדעס פון די דעלעגאטען, וועלכע רופען צו איינינקייט און פראגרעס פאר דעם א. ר., פאר דער ארבעטער־באוועגונג, אויפקלערונג און גוטע טאטען, ווערט די סטייט קאנפערענץ געשלאסען צו מיטען די ערשטע וואך אין סעפטעמבער 1922.

ה. קאבליק און י. פריעדלאנד,
סעקרעטארען פון קאנפערענץ.

## ניו־דזשוירזי סטייט קאנפערענץ

זונטאג דעם 11־טען סעפטעמבער איז אפגעהאלטען געווארען אין נוארקער א. ר. לייבאר־לייסעאום די ניו־דזשוירזי סטייט קאנפערענץ, צו נאמינירען קאנדידאטען פאר נאציאנאלע באָרד און דירעקטארען. פר. פאלאק פון בר. 290, עליזאבעט, ווערט ערוויילט אלס טשערמאן, און פר. פ. פוקס פון בר. 421, פעטערסאן — אלס סעקרעטאר. פר. לין, דער דירעקטאר פון נ. דזש. סטייט, גיט אפ א באריכט. נאך פארשיעדענע פראגען ווערט דער באריכט גוטגעהייסען, און ס'ווערט באשלאסען אים צו דאנקען פאר זיין ארבעט. דער טשערמאן שטעלט פאר פר. ראבערטס, וויס־טשערמאן פון א. ר. פר. ראבערטס האלט זייער א שיינע רעדע. ער זאגט אויך, אז די עקזעקוטיוו פון א. ר. האט אים אינסטרואירט איבערצוגעבען וועגען דער הילף פון סאוויעט־רוסלאנד, אז א טייל זאל געשיקט ווערען נאך אוקראינע און וויים־רוסלאנד פאר די פאגראמירטע אידען. דער לאזונג דארף זיין: ניט הילף פאר די הונגעריגע אין רוסלאנד און אויך פאר די פאגראמירטע אידען אין אוקראינע און אין וויים־רוסלאנד! ער גיט אויך איבער, אז אלע געלדער, וואס וועלען געשיקט ווערען אין גענעראל־אפיס, וועלען געשיקט ווערען לויט דער אנווייזונג פון די שיקערס, ווען און וואו דאס געלט זאל געשיקט ווערען.

פאלגענדע קאנדידאטען זיינען נאמינירט: פר. פוקס פון בר. 421, פעטערסאן, און פר. מינדלין פון בר. 107, נוארק. דערמיט ווערט די קאנפערענץ געשלאסען.

עס האבען אנטייל גענומען אין דער קאנפערענץ 31 ברענטשעס מיט 52 דעלעגאטען.

פ. פוקס, סעקרעטאר.

## באריכט פון דער ערשטער זיצונג פון קאנג. סטייט א. ר. שול־קאמיטעט

א פארזאמלונג פון שול־קאמיטעט פון קאנג. סטייט, אפגעהאלטען זונטאג דעם 18־טען סעפט., אין לייבאר־לייסעאום, 38 האו סטר., ניו־הייווען. אלס פארזיצענדער ערוויילט פר. קאנטראוויטש, וואטערבורי; אלס שטענדיקער סעקרעטאר — פר. ציפערמאן, ניו־הייווען. עס ווערען אויפגענומען ארטיגע באריכטען. פר. טעפט פון ברידזשפארט באריכטעט, אז ביי זיי איז דא א מעגליכקייט צו עפענען א שול. די לאגע פון די קינדער־דערציאונג יעצט איז ניט קיין נארמאלע. קינדער בלאנדזשען ארום איבעראל, אין תלמוד־תורה, ביי פריוואטע מלמדים, און א טייל באזוכען אפילו א קריסטליכע זונטאג־שולע. די גרעסטע טייל אבער קריגען אין גאנצען נישט קיין אונטערריכטונג אין אידיש. אט די דאזיגע אומנארמאלע לאגע האט געבראכט דערצו, אז פילע עלטערן ווילען האבען א ראדיקאלע שולע. ער באריכטעט ווייטער, אז זיי האבען 150 דאלער פאר אן אנפאנג און אז עס איז דא א געלעגענהייט צו קויפען א היים. אין אלגעמיין איז דארט די שטימונג א גוטע. אין א פאר וואכען ארום דארף ביי זיי פארקומען א געמיינשאפטליכע פארזאמלונג פון אלע א. ר. מיטגלידער, וואו די פראגע וועט אויפגענומען ווערען. פר. טעפט דייטעט אויך אן, אז אין סאוט־נארוואלק איז דא א מעגליכקייט פאר א שול, און אז זיי וועלען האבען א פארזאמלונג וועגען עפענען א שול.

פר. קאמענעצקי פון הארטפארד באריכטעט, אז די א. ר. מיטגלידער פון ניו־בריטאן, בריסטאל, אין מערידען האבען זיך צו אים געווענדט וועגען עפענען א שול. דער סעקרעטאר ווערט אינסטרואירט מיט אט די שטעלאך צו שטעלען זיך אין פארבינדונג.

פר. קאמענעצקי באריכטעט ווייטער, אז מען האט זיך צו אים געווענדט פון ספרינגפיעלד, מאסס., וועגען עפענען א שול, נעמענדיג אין אנבאטראכט אז מאסאטשוזעטס סטייט איז אויסער אונזער יוריסדיקציע, ווערט באשלאסען צו רעקאמענדירען זיי צו ווענדען זיך צו דער נאצ. שול־קאמיסיע אין נ. י.

אפגעבענדיג א באריכט פון דער הארטפארדער שול, דייטעט פר. קאמענעצקי אן, אז עס איז פאלש די מיינונג, אז אונזערע שולען זיינען ווייניג ראדיקאל. דער אמת איז, אז די א. ר. מיטגלידער זיינען אפגעשטאנען און דארום דארף זיין אונזער הויפט־אויפגאבע צו לערנען די עלטערן.

פר. קאנטראוויטש, וואטערבורי, באריכטעט, אז די עלטערן ווייסען נישט אויב די קינדער באזוכען די שול. די טוער מאכען א טעות. זיי דענקען, אז מיט'ן איבערגאנג פון דער שול צום א. ר. איז יעדע לאקאלע אנשטרענגונג איבעריג. עס זיינען נישטא קיין נייע טוער. די שול האט איינגענומען 105 דאלער א מאנאט און אויסגאבען 205 דאלער א מאנאט. איידער די שול איז איבערגענאנגען אונטער דער אויפזיכט פון א. ר. איז פון דער שול געקומען חובות 400 דאלער. און אט דער חוב איז נאך נישט באצאלט געווארען. מען האט גערעכענט, אז אין סעפט. וועט ווערען לעבעדיגער; אבער דאס איז ניט פארגעקומען. א ביסעל קינדער זיינען צוגעקומען, אבער א טייל זיינען אוועק אין תלמוד־תורה, א טייל האבען די עלטערן צוגענומען, ווייל עס פעלען אקטיווע טוער. ער באריכטעט אויך, אז די שול ווערט באזוכט פון זייער א קליינעם פראצענט א. ר. קינדער. עס ווערט באשלאסען צו רעקאמענדירען צום הארטפארדער שול־קאמיטעט זיי זאלען זיך זען מיט די א. ר. מיטגלידער וועגען דעם, און אריינברענגען וואס מער קינדער, ווייל אן דעם איז אפהענגיג דער ערפאלג פון די שולען.

פר. באבראוו, הארטפארד, דייטעט אן, אז זיי דענקען אז אויב א קינד קאן לייענען אידיש איז גענוג. דער הויפט חסרון אין זייער שול איז וואס דעם שכר־לימוד דארף מען גיין קאלעקטען. זיי גייען דורכפירען אז אוועגט מוצאי ראש השנה. די לערער ווערען אינסטרואירט צו העלפען מאכען די אונטערנעמונג אן ערפאלג.

פר. מייזעל, ניו־הייווען, באריכטעט, אז די עלטערן זיינען זייער ווייט פון דער שול. עס מוזען געפונען ווערען וועגען און מיטלען ווי אזוי די עלטערן זאלען נעענטער באקאנט ווערען מיט דער שול, אויך זען אויסגעפינען די סיבות פארוואס א טייל קינדער הערען אויף צו באזוכען די שול. ער צייגט אויך אן, אז אויף דעם געביט איז נאך גארנישט געטאן געווארען.

עס אנטוויקעלט זיך א דעבאטע וועגען אונזערע ווייטערדיגע אויפגאבען און עס ווערט באשלאסען אונזער אויפגאבע זאל זיין צו מאכען א סענטימענט פאר שולען אומעטום און העלפען מיט פראקטישע עצות און אנווייזונגען דארטען וואו שולען קאנען געגרינדעט ווערען.

עס ווערט באשלאסען צו דרוקען א בריף אין 3500 עקזעמפלארען וועגען דער וויכטיגקייט פון שיקען די קינדער אין די א. ר. שולען און מען זאל עס צעשיקען צו אלע עלטערן אין שטאט. באשלאסען צו ווענדען זיך צו דער נאצ. שול־קאמיסיע, זיי זאלען צוזאמענשטעלען אזא בריף, אפדרוקען אים און אונז עס גלייך צושיקען.

באשלאסען די קומענדע פארזאמלונג זאל זיין אין וואטערבורי. עס ווערט אויך באשלאסען דעם פראטאקאל פון דער דאזיגער זיצונג צו פארעפענטליכען אין „פריינד".

אויסגאבען פון דיזער פארזאמלונג, $6.70. דאס איז די קאר־פעיר צו די פארטרעטער פון ברידזשפארט, וואטערבורי און הארטפארד. מיט גרויס באגייסטערונג פאר ווייטערדיגע ארבעט ווערט דיזע זיצונג געשלאסען.

ס. ציפערמאן, סעקר. קאנג. סטייט שול־קאמ.

א. ר. מיטגלידער פון קאנעקטיקוט, אויפמערקזאם! אויב איר נייטיגט זיך אין אירגענד וועלכע אינפארמאציע וועגען די א. ר. שולען ווענדט זיך צו ס. ציפערמאן, 38 וועסט סטר., ניו־הייווען, קאנג.

## רעזאלוציעס

פון דער בילדונגס־קאנפערענץ פון א. ר. אין שיקאגא, אפגעהאלטען אין א. ר. לייבאר לייסעאום, דעם 3—4 אויגוסט, 1921.

### וועגען דער שול־פארוואלטונג

נעמענדיג אין אנבאטראכט דעם דעפיציט פון אונזערע שולען, רעקאמענדירען מיר דעם בילדונגס־קאמיטעט צו פארקלענערן די אויסגאבען פון דער שול־פארוואלטונג, אויב מעגליך.

### וועגען דער וועסט־סייד שול

אויסגעפינענדיג, אז די וועסט־סייד שול האט א גרויסען דעפיציט און איז נאך דערצו אויף א ניט־פאסיגען פלאץ, וואס איז אנטי־סאניטאריש און פארמאגט אויך נאך פיל אנדערע פעלערן, רעקאמענדירען מיר צו עפענען אויפ'ן ארט פון דער וועסט־סייד שול אן אנדערע — דריטע שול אויף א מער פאסיגען פלאץ, אין אזא טייל פון שטאט, וואו דער בילדונגס־קאמיטעט וועט געפינען פאר נייטיג.

### וועגען פראגראם

אום אפצוהיטען, אז אונזערע שולען זאלען, ווי ביז איצט, אויך אויף ווייטער אנגעפירט ווערען שטרענג אין דעם גייסט, אין וועלכען זיי זיינען פון אונז געגרינדעט געווארען, פאדערען מיר אויף דעם בילדונגס־קאמיטעט איינצופירען א שטרענגע קאנטראל איבער אונזערע שולען, און אכטונג געבען, אז זיי זאלען אפהיטען אונזער פראגראם אין ווארט און גייסט און זיין פריי פון יעדער סארט נאציאנאליסטישער טענדענץ.

### וועגען בודזשעט

אויסהערענדיג דעם באריכט פון בילדונגס־קאמיטעט, הייסען מיר גוט זיין בודזשעט און שלאגען פאר, אז ער זאל זיך האלטען אין די ראמען פון אט דעם צוגעשטעלטען בודזשעט און אים ניט אריבערגיין.

### וועגען שול־טעקס

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די שולען זיינען איינע פון די וויכטיגסטע אויפטועכצען פון דעם א. ר., און אז אין דעם איצטיגען מאמענט זיינען זיי געוואלדיג נייטיק סיי איבער'ן גאנצען לאנד און אודאי אין שיקאגא; נעמענדיג אויך אין אכט, אז דער הויפט־פונדאמענט פון דער פינאנציעלער אויפהאלטונג פון די שולען דארף זיין דער ספעציעלער שול־שטייער, וואס איז ארויפגעלייגט אויף די א. ר. מיטגלידער, באשליסט די קאנפערענץ, אז דער שטייער זאל דורכגעפירט ווערען גלייך דורך אלע ברענטשעס פון א. ר.

נעמענדיג ווידער אין אכט, אז געוויסע ברענטשעס פון א. ר. זיינען אפגעשטאנען פון די שטייער־צאלונגען, און ווען עס זאל אזוי גיין אויך אויף ווייטער קען דאס פירען צו דעם אונטערגאנג פון די שולען, באשליסט די קאנפערענץ, אז די סיטי סענטראל זאל אויפפאדערען די ברענטשעס זיי זאלען זיך אנשליסען אן דעם שול־טעקס, ווען ניט זאל די סיטי־סענטראל אננעמען קענען זיי געהעריגע מיטלען.

### וועגען ענגלישע שולען

אין הסכם מיט דעם פארלאנג פון א נעוויסער צאל א. ר. מיטגלידער פאר ענגלישע שולען, לייגען מיר פאר דעם בילדונגס־קאמיטעט זיך האלטען ביי דעם באשלוס פון אונזער ערשטער שול־קאנפערענץ און גרינדען אן ענגלישע שול, אויב עס וועט זיין א נויטווענדיגקייט אין דעם און מיטלען דערצו.

### וועגען בילדונג פאר דער־וואקסענע

אין צוזאמענהאנג מיט דער נויטיגקייט פון אלגעמיינע דערציאונג פאר די מיטגלידער פון א. ר., אינסטרוקטירען מיר דעם בילדונגס־קאמיטעט איינצוארדנען אין דער נאענטער צוקונפט סיסטעמאטישע לעקציעס פאר די מיטגלידער און דרוקען אלגעמיינע רעפעראטען, וועלכע זאלען צעטיילט ווערען צווישען אלע ברענטשעס פאר אלע מיטגלידער.

### וועגען דעם „נייעם וועג"

די קאנפערענץ פאדערט אויף דעם בילדונגס־קאמיטעט, ער זאל זיך אנשטרענגען, אז דער „נייער וועג" זאל ארויסגיין רעגולער מאנאטליך. די קאנפערענץ פאדערט אויך אויף אלע סעקרעטארען פון די א. ר. ברענטשעס צו צעשיקען אונזער ארגאן דעם „נייעם וועג" צו זייערע מיטגלי־

דער, ביז דער בילדונגס־קאמיטעט וועט קריגען די פריווילעגיע פון „סעקאנד קלאס מעיל".

**וועגען פובליסיטי**

די קאנפערענץ פאדערט אויף דער גאנצער ארבעטער־פרעסע צו געבען פולע פובליסיטי צום בילדונגס־קאמיטעט פון א. ר. בכלל און צו די ארבעטער־רינג שולען בפרט.

פר. קרינסקי רעדט אין באצוג צום רעפארט פון דער ס. ד. ק. און אין שארפע ווערטער האט ער פארגעווארפען, אז דער סעקר. פון דער ס. ד. ק. האט ניט געהאט קיין מאראלע רעכט צו מאכען אויסגאבען אויף פאלשע פרעטענזיעס.

מ'גייט איבער צו דער ערוויילונג פון א נייער ס. ד. ק. און די פאלגענדע ווערען ערוויילט: בר. 110, פאוולאוו, גארדין און בארכנער; בר. 251, מילער; בר. 522, לעווין, שניידער און שטיינגאלד. באשלאסען אז די איבעריגע ברענטשעס זאלען ערוויילען צו זייערע מיטינגען.

פר. קרינסקי אינסטאלירט די נייע ס. ד. ק. ער האלט זייער א ווארימע רעדע און ער דערקלערט די אויפגאבען פון דער ס. ד. ק.

ס'איז אויך אפגעהאלטען די קאנפערענץ צו נאמינירען נאציאנאלע באורד און דירעקטארען אז די פאלגענדע זיינען נאמינירט געווארען: פאוולאוו, בר. 110, און לעווין, בר. 522.

מ. בערנשטיין, סעקר.

# אינהאלט פון „פריינד" פאר'ן יאר 1921

## עדיטאריעלס

זייט



## ארבעטער־רינג פראגען



## סאציאל־פאליטישע פראגען



## דערציאונגס־פראגען



## לידער, סקיצען און דערציילונגען



## פארשידענע ארטיקלען



## פראטאקאלען, רעפארטען און אפיציעלע באריכטען



## קארעספאנדענצען, צירקולארען און אויפרופען



## פינאנץ־באריכט און פארשידענע קוויטירונגען

**THE FRIEND**  **דער פריינד**

VOL. XIII. JANUARY—FEBRUARY NO. 1

1922 Complete

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**צו דער ארבעט!** מיר זיינען אריינגעטראָטען אין א נייעם יאָר, אָבער די אַלטע פליכטען, וואָס מיר האָבען צו אונזער אָרגאַניזאַציע, זיינען נאָך ניט דערפילט געוואָרען. פאַרקערט: אונזערע אויפגאַבען זיינען נאָך שווערער געוואָרען און ממילא זיינען אונזערע פליכטען גרעסער אויסגעוואַקסען.

מיר האָבען געשלאָסען דעם פאַרגאַנגענעם יאָר מיט באַדייטענדע שטרייכונגען אין אונזער מיטגלידערשאַפט. אמת, מיר האָבען נאָך דערווייל ניט קיין נעטען פאַרלוסט. אָבער מיר מאַכען דאָך קיין סוד ניט פון דעם, אז ווען ניט די צוגעקומענע עטליכע טויזענט מיטגלידער אין מאַסאַטשוזעטס, וואָלטען מיר געהאַט א היבשען נעטען פאַרלוסט. א זאַך, וואָס האָט כמעט קיין גלייכען ניט אין דער גאַנצער געשיכטע פון אונזער אָרדען.

אונזערע פאַרלוסטען מוזען אונטער אַלע אומשטענדען גוט געמאַכט ווערען. יע קריזיס, ניט קריזיס, יע סטרייקען, ניט סטרייקען, יע צוויסטיגקייטען און ניט צוויסטיגקייטען — מיר מוזען איינהאַמערען אונזערע רייען, מיר מוזען אויספילען די ליידיג־געוואָרענע פלעצער.

א שווערע ארבעט? אמת. אָבער פון ווען אָן האָבען מיר זיך גענומען שרעקען פאַר שווערער ארבעט! אומגינסטיגע אומשטענדען? אויך אמת. אָבער די גאַנצע ביז־איצטיגע געשיכטע פון א. ר. איז געווען פול מיט ביישפּילען, וואו טראָץ אומגינסטיגע אומשטענדען זיינען אָפּגעטאָן געוואָרען שווערע ארבעטען. מיר האָבען דאָך שטענדיג אָנגעוויזען אויף דעם פאַקט, אז די שאַרפסטע ציינער פון דער צייט קענען אונזער אָרגאַניזאַציע ניט איינבייסען און קענען ניט שטערען איר ווייטערדיגער אנטוויקלונג.

* * *

**טאַקט און טאָלעראַנץ** מיר קענען נאָר וואָס עס איז דערגרייכען אין. אַן אָנגעשטרענגטער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט, ווען מיר וועלען אָנהאַלטען א שטענדיגען אינטערעס אויף די מיטינגען פון אונזערע ברענטשעס. אָבער עס וואָלט געווען איינער פון די גרעסטע אומגליקען פאַר'ן ארבעטער־רינג, ווען דער אינטערעס אין די ברענטש־מיטינגען זאָל געשאַפען ווערען דורך פערזענליכע העצעס, דורך סענסאַציאָנעלע באַשולדיגונגען און דורך קריגערייען. עס האָט נאָך קיין זאַך נישט געבראַכט אַזוי פיל שאָדען אין דעם לעבען פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס, ווי די צדדים־מחלוקות אין די ברענטשעס, ווי די רייסעניש ארום די דעלעגאַציעס צו א קאָנווענשאָן, אויב די רייסערייען זיינען אויף א פערזענליכען באָדען.

מיר פאַרשטייען, אז פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידענהייטען אין די ברענטשעס פון א. ר., ספּעציעל אין דער איצטיגער איבערגאַנגס־צייט, זיינען כמעט אומפאַרמיידליך. דער ארבעטער־רינג שפּיגעלט אָפּ מיט זיך אַלע רעגונגען און באַוועגונגען אין דער ארבעטער־באַוועגונג. אין די ברענטשעס האָבען אַלע ריכטונגען דאָס רעכט אויף אויסדרוק. אָבער עס פאָדערט זיך טאַקט און טאָלעראַנץ פון אַלע צדדים, אז אונזערע מיטינגען זאָלען ניט ווערען צו שאַנד און צו שפּאָט, און אז זיי זאָלען אונטער אַלע אומשטענדען געפירט ווערען אין א פריינדליכען גייסט, אין אַן א. ר. גייסט.

עס איז גאָרניט קיין מוז, אז ווען איינער איז ניט איינשטימיג מיט'ן צווייטען אין א געוויסער פראַגע, אז ער זאָל אים ווערען א פערזענליכער דם־שונא. פאַרקערט, אין די אינטערעסען פון יעדער ריכטונג ליגט, אז עס זאָל בלייבען אין ערגעץ א פערזענליכער באַרירונגס־פונקט מיט דעם צווייטען צד. מ'קען דאָך קיינמאָל ניט איבערצייגען קיין געגנער, ווען מ'קומט מיט אים ניט אין באַרירונג.

טאַקט און טאָלעראַנץ זיינען שטענדיג פון די בעסטע טוגענדס, איבערהויפּט איצט. פאַר דעם ארבעטער־רינג איז עס פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאַר זיין ווייטערדיגער אנטוויקלונג.

* * *

**א רוף צו אייניגקייט** אין דער לעצטער צייט האָבען מיר באַמערקט, אז אין אייניגע שטעט זיינען אונזערע א. ר. שולעס געשטעלט געוואָרען אין סכנה צוליב די פּאַרטיי־מחלוקות.

אונזערע שולעס האָבען בכלל דורכגעלעבט דעם יאָר א שטורמישע צייט. די פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז ענערגיש געפירט געוואָרען געגען זיי עטליכע מאָנאַטען, דער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט א סך פאַרענגטע עלטערן געצוואונגען אָפּצונעמען די קינדער פון דער שולע, די ניט־איינגעגעבענע פינאַנציעלע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען אויך פאַראורזאַכט געוואָרען דורך דער געדריקטער עקאָנאָמישער לאַגע פון אונזער עולם — דאָס אַלץ האָט פאַרשאַפט גענוג זאָרגען אונזער גענעראַל־עקזעקוטיווע בכלל און אונזער נאַציאָנאַלער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע בפרט.

די אַלע אויבען־אויסגערעכענטע אורזאַכען זיינען אויסער אונזער קאָנטראָל, און מיר קענען נאָר אויף דעם טיילווייז רעאַגירען מיט א פאַרשטאַרקטער טעטיגקייט. די סכנה אָבער פאַר אונזערע שולעס, וואָס די לעצטע פּאַרטיי־צוויסטיגקייטען האָבען פאַראורזאַכט קען גלייך באַזייטיגט ווערען און מוז באַזייטיגט ווערען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט פאַנאַנדערגעשיקט א דרינגענדען צירקולאַר צו אַלע א. ר. ברענטשעס איבער'ן לאַנד

און האָט איבערצייגענדיג אָנגעוויזען, אַז ארום די שולען טאָרען ניט זיין קיין פּאַרטיי־צוויסטיגקייטען. אין די שולעס ווערען אונזערע קינדער דערצויגען אין גייסט פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, אָבער ניט אין די פּראָגראַמען פון דער אָדער יענער ארבעטער־פּאַרטיי.

מיר ווילען האָפען, אַז אונזערע פריינד איבער'ן לאַנד, פון אַלע ריכטונגען, וועלען פארשטיין זייערע אויפגאַבען און ארבעטען הארמאָניש אויף דעם געביט צו דערציען אונזערע קינדער אַלס צוקינפטיגע קעמפער און בויער.

* * *

**דער סאַניטאַריום־טאָג** שוין צום צוועלפטען מאָל פייערען די גרעסטע צאָל אַ. ר. ברענטשעס דעם יובילעאום פון אונזער סאַניטאַריום אין ליבערטי.

דאָס איז מער ווי אַ מנהג. דאָס איז געוואָרען אַן אומגעשריבענער געזעץ פון אונזער קאָנסטיטוציע. מיר קענען ניט דורכגיין דעם 12־טען פעברואַר גלייכגילטיג. דאָס איז אַ צו וויכטיגע דאַטע אין דער געשיכטע פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

דער סאַניטאַדיום־טאָג, ווי ער ווערט דורכגעפירט פון דער נאַציאָנאַלער סאַניטאַריום קאָמיטע אין ניו־יאָרק און אין סאַניטאַריום גופא, איז פאַר די לעצטע עטליכע יאָר געוואָרען אַן אמת'ער יום־טוב, אויף וועלכען פיל וואַרטען מיט אומגעדולד. עס ווערען דורכגעפירט פראַכטפולע קאָנצערטען און אַ ברייטער עולם הערט מיט באַגייסטערונג וועגען אונזער וואונדערבארער אינסטיטוציע, וואָס מיר האַלטען אויס מיט אונזערע אייגענע קרעפטען.

דער פּראָפיט, וואָס קומט אריין פון דעם קאָנצערט, גייט דאָס יאָר פאַר דעם רוסישען הונגער־רעליף, פונקט ווי עס איז געגאַנגען אין די פריערדיגע יאָרען פאַר רעליף־צוועקען. מ'קען קוים געפינען אַ בעסערען און איידעלערען צוועק, וועלכער זאָל זיך אַזוי גוט בינדען און פאָרען מיט אונזער סאַניטאַריום־שמחה. די ברענטשעס, וועלכע קענען נאָך אראַנזשירען אַזאַ יום־טוב פאַר דעם צוועק, וועלען געוויס זיין ערפאָלגרייך מאָראַליש און פינאַנציעל. די פּאָפּולאַריטעט פון דעם יום־טוב האַלט אַלץ אין איין וואַקסען צווישען אונזער ברייטער מיטגלידערשאַפט.

* * *

**אַ רעוואָלוציאָנערער אינסטרומענט** אונזערע ברענטשעס האָבען מיט אַ קורצער צייט צוריק באַקומען אַ צירקולאַר־בריף צוגעשיקט צו זיי פון דער רעדאַקציע פון „מעסענדזשער", אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל, וואָס צילט צו פארשפרייטען סאָציאַליסטישע אידייען צווישען די נעגער־ארבעטער אין אַמעריקע.

מיר ווייסען ווי גערדיקט עס זיינען יעצט אונזערע ברענטשעס און מיר האָבען אַ באַגריף וועגען די פארשידענע אַפּילס, וואָס ווערען צו זיי געמאַכט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. מיר ווייסען, אַז דער גרעסטער טייל פון זיי איז גוט־ווייליג און פריי־גיביג. מיר וואָלטען אָבער דורכאויס וועלען, אַז דער אַפּיל פון אונזערע שוואַרצע ברידער זאָל באַקומען די ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט פון אונזערע ברענטשעס.

מיר האָבען אין די פאַראייניגטע שטאַטען ארום 12 מיליאָן טונקעל־הויטיגע איינוואוינער, פון וועלכע מער ווי 80 פּראָצענט זענען ארבעטער, אָדער פאַרם־פּראָלעטאַריער פאַמיליעס. דאָס איז דער וויכטיגסטער עכט־אַמעריקאַנישער ארבעטער־שיכט, וואָס איז נאָך אַפילו ניט דערצויגען געוואָרען צו דער מדרגה פון דער אַמעריקאַן־פעדערײשאַן־אָף־לייבאָר־יוניאָניזם. צו דעם זיינען נאָך פאַראַן אַ היבשע צאָל יוניאָנס, וואָס נעמען גאָר ניט אריין קיין נעגערס אַלס מיטגלידער. אַזוי קומט אויס, אַז אַ פיל־מיליאָניגע מאַסע ארבעטער ווערט געהאַלטען אין גאַנצען פון דערווייטענס פון דעם פּראָלעטאַרישען שלאַכטפעלד און דינען אַלס דער בעסטער מאַטעריאַל פאַר סקעבעריי, הויז־אינדוסטריע און די נידעריגסטע פאָרמען פון סוועטינג סיסטעם.

עס איז אין די אינטערעסען פון דער גאַנצער ארבעטער־באַוועגונג, אַז אונזערע שוואַרצע און פארשוואַרצטע ברידער זאָלען וואָס אַם גיכסטען אריינגעצויגען ווערען אין דעם מאַגנעטישען פעלד פון דער רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג. עס איז אַן אוטאָפּיע צו ריידען וועגען גרויסע אויפטואונגען פון דעם ארבעטער־קלאַס אין אַמעריקע, אָן דער הילף פון דער גרויסער מאַסע נעגער־ארבעטער. מיר מוזען העלפען מיט אַלץ וואָס מיר קענען, אַז זיי זאָלען אויפשטיין פון זייער שלאָף און אריינטרעטען אין אונזער אַלגעמיינעם קאַמף.

דער „מעסענדזשער" איז אַן אויסגעצייכענטער פּראָפּאַגאַנדע־זשורנאַל און ווערט גלענצענד רעדאַגירט פון צוויי טאַלאַנטפולע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטען. לאָמיר אים העלפען אָנגיין מיט זיין וויכטיגער ארבעט!

* * *

**עזר בצר** צוליב דעם שווערען עקאָנאָמישען קריזיס האָבען מיר דערווייל אַ היבש ביסעל פאַרנאַכלעסיגט אונזערע רעליף־קאַמפּיינס, וואָס מיר פירען היינטיגען יאָר. בכלל איז אין יעדען קאַמפּיין וויכטיג איין שלאַגוואָרט, אויף וועלכען מ'זאָל קענען קאָנצענטרירען אַלעמענס אויערען. די אומשטענדען האָבען אונז אָבער געצוואונגען אי דעם יאָר צו האָבען דריי רעליף־קאַמפּיינס, און ממילא קומט אויס, אַז יעדער איינער פון זיי ליידט פון קראַפטלאָזיגקייט, פון שוואונגלאָזיגקייט און פון קאָנצענטרירונגס־לאָזיגקייט. דאָס, צוזאַמען מיט דער ווירקונג פון קריזיס, האָט טאָרמאָזירט אונזער ארבעט, און עס נויטיגען זיך באַדייטענדע פארשטאַרקונגען אויף אַלע דריי פראָנטען.

דער רעליף־קאַמפּיין פאַר די הונגעריגע אין רוסלאַנד מוז קריגען אַ נייעם אימפּעט און באַגייסטערטען אויפשוואונג. דאָ לעבען פון מיליאָנען מענשען שטייט אין קאָן. וויכטיגע רעוואָלוציאָנערע פּראָווינצען האַלטען ביים אָפּגעווישט ווערען, אויב הילף וועט ניט קומען גלייך, אויב די הילף וועט ני זיין ברייט און גרויס, וועט די קאַטאַסטראָפע זיין איינע פו די שרעקליכסטע, וואָס האָבען געקענט טרעפען צו אַ לאַנד, און ממילא אויך צו דער גרויסער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

דער קאַמפּיין פאַר דער „האיאס", וואָס מיר האָבען אונטערגענומען, מוז אויך באַדייטענד פארשטאַרקט ווערען. דער געשריי פון די היימלאָזע וואַנדערער, דער יאָמער פון די צענדליגע טויזענטער צעבראָכענע און צעריסענע פאַמיליעס, די טראַגעדי פון די מענשען, וואָס האָבען שוין פארברענט אַלע בריקען הי טער זיך, און זוכען מיט משוגע'נע אויגען אַ פּלאַץ, וואו זי זאָלען קענען אויפשלאָגען זייער צעבראָכענעם געצעלט, איז צ באַקאַנט, אַז מיר זאָלען וועגען דעם דאַרפען מאַכען פירושי און דאָ ווערען די אימיגראַציאָנס־גזירות אַלץ שטאַרקער א שווערער. דער אַנטיסעמיטיזם הייבט אויך אויף זיין קאָ אַפילו אין אַזעלכע לענדער, ווי ליטא און לעטלאַנד. מ'לויפ פון אומעטום. מ'זוכט הילף, מ'קריגט אַזוי ווייניג, און טוי זענטער און צענדליגע טויזענטער עלענדע און הילפלאָזע שטיי מיט'ן וואַנדער־שטעקען און קענען זיך אָפּטמאָל אַפילו צו רעכטער עצה ניט דערשלאָגען.

עס וועט זיין פאַר אונז אַ חרפּה, אויב מיר וועלען ני מאַכען דעם קאַמפּיין פאַר'ן „האיאס" פאַר אַן ערפאָלג. זאָל זיך די ברענטשעס נאָך אַמאָל אריינוואַרפען אין דער ארבעט.

און עס פארשטייט זיך אויך, אַז מיר טאָרען ניט פאַר געסען אָן דעם אַלגעמיינעם אידישען רעליף, וואָס מיר פירע שוין אָן פאַר די לעצטע זיבען יאָר. מיר וועלען דאָך ני איבערלאָזען אין מיטען אַן ארבעט, וואָס מיר האָבען אַז גלענצענד אָנגעפאַנגען. אויב מיר זאָלען איצט ניט קומ צו הילף די קולטורעלע ארבעטער־אינסטיטוציעס אין פּוילע ליטא, רוסלאַנד, רומעניע, פּאַלעסטינע און לעטלאַנד — וו וועט קומען?

* * *

**אַ טרייסט־וואָרט** אין דעם הויז פון אונזער גענ. סעקרעטאַ און מיטאַרבעטער, יוסף באַסקין, האָט טראָפען אַ גרויסער אומגליק. זיין איינצי קינד איז נאָך אַ לאַנגער, שווערער און האָפנונגסלאָזער קראַנ הייט געשטאָרבען. מיר זיינען זיכער, אַז מיר דריקען אוי די שטימונג פון אונזער גאַנצער פיר־און־אַכציג־טויזענט־קעפּ גער־מיטגלידערשאַפט אין איבערגעבען צו אונזער פריינד באַסקין און צו זיין טרויערענדער פרוי, מרים, דעם טיפ מיטגעפיל אין זייער שווערער טראַגעדיע. זאָל אייער ווי טערדיגע ארבעט, טייערער פריינד, פאַר אונזער אָרדען זי אַזוי ערפאָלגרייך, אַז איר זאָלט אין איר געפינען אַ טרייס און אַ היילענדע לינדערונג אין אייער טיפען שמערץ.

# ביים שיידוועג

(דאָס אידישע לעבען אין יאָר 1921)

פֿון א. ליטווין

דער פֿאַרגאַנגענער יאָר אין אידישען לעבן איז, פֿאַרהעלטניסמעסיג, אַריבער רואיג. ד. ה. אָן גרויסע אויפטרייסלונגען, אָן פּאָגראָמען, וויינינגסטענס אָן האַמעטנע, גרויסע שחיטות, און אָן צו־גרויסע האָפֿנונגען. נאַטירליך: קלענערע פּאָגראָמען און שחיטות פֿון באַנדעס רוצחים און פּאָגראָמשטשיקעס אין אַ גאַנצע רייע שטעטלאַך פֿון אוקראַאינע און ליטאָ זיינען יע פֿאָרגעקומען. נאָר ווער רעכענט זיך איצט מיט אַזוינע „קליינינקייטען" . . . אין אַלגעמיין אָבער איז געווען שטיל . . . בית־עלמין־שטיל, נאַטירליך. די גאַנצע ענערגיע פֿונ'ם אידישען פֿאָלק איז פֿאַרברויכט געוואָרען דאָרט, אויף יענער זייט ים, אין צופּאַסען זיך ווי עס איז צו די אומשטענדען; דאָ, ביי אונז, אויף ד ע ר זייט ים — אין אָרגאַניזירען, מער אָדער ווייניגער, די רעליף־אַרבעט פֿאַר אונזערע ליידענדע ברידער פֿון יענער זייט. דאָרטען איז, ווי געזאָגט, בערך געווען רואיג, דאָך האָבען פֿאַרנומען דעם אויבען־אָן אין אונזער אויפמערקזאַמקייט די אוקראַאינער אידען. ערשטענס, ווייל זיי האָבען פֿאַר די פֿריערדיגע יאָרען צו־שטאַרק געליטען, צו־פֿיל מיט בלוט אָפּגעגאַנגען, און זיי האָבען זיך גענייטיגט מער ווי אַנדערע אידען אין אונזער מיטלייד און הילף. צווייטענס, לעבען די אוקראַאינער אידען נאָך איצט אין טויט־שרעק פֿון נייע שחיטות מצד די פּעטליורא־באַנדעס. די לעצטע ידיעות, וואָס קומען אָבער אָן פֿון אונזער אַלטער היים, ווייזען, אַז די לאַגע ענדערט זיך אויך דאָרט צום בעסערען. די לעצטע קייבלען מעלדען, אַז מאַסען אידען, וואָס זיינען זיך צעלאָפֿען פֿון אוקראַאינע אין דער צייט פֿון שחיטות, קערען זיך איצט אום צוריק. נאָך פֿריער איז געווען געמעלדעט, אַז די אידישע זעלבסטשוץ איז דאָרט, וויינינגסטענס, אין די גרעסערע שטעט, בעסער אָרגאַניזירט, און אָט דער זעלבסטשוץ, מיט דער הילף פֿון דער סאָוויעטען־רעגירונג, האָט זיך איינגעגעבען צו קעמפֿען מיט אַ באַדייטענדען ערפֿאָלג קעגען די פּאָגראָמשטשיקעס אין פֿאַרשידענע ערטער.

וועגען דער לאַגע פֿון די פּוילישע אידען האָבען מיר אין דעם משך פֿון דעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר זייער ווייניג געהערט. אין אַלגעמיין איז דאָרט דער פֿאַרגאַנגענער יאָר אַריבער רואיג. ד. ה. אָן פּאָגראָמען, אָן בערד־שניידען. נאַטירליך פֿלעגען פֿון צייט צו צייט קומען ידיעות, אַז דאָ און דאָרט האָבען פּוילישע כוליגאַנעס געוואָרפֿען אידען פֿון די וואַגאָן־פֿענסטער. דאָס זיינען אָבער געווען זעלטענע פֿאַלען און מ'האָט זיך אויף דעם אַפֿילו ניט אומגעקוקט. דערפֿאַר איז דעם גאַנצען יאָר אָנגעגאַנגען דורכ'ן פּוילישען פּאַרלאַמענט און אויסערן פּאַרלאַמענט אַ ביטערער קאַמף פֿון די פּוילישע אידען פֿאַר זייער רעכט. די פֿאַרביסענע און גיפֿטיגע אַנטיסעמיטישע פּוילישע העצעס אין דער פּרעסע און אין געזעלשאַפֿטליכע קרייזען זיינען אַזוי ווי שטילער געוואָרען. אָבער דאָס ווייזט ניט, אַז די באַציאונגען פֿון דער שליאַכטעטשקער פּוילישער געזעלשאַפֿט צו אידען איז בעסער געוואָרען. ס'איז פּשוט: די פֿירער פֿון די פּוילישע בורזשואַזע און קליינבירגערליכע פּאַרטייען און פֿון דער פּרעסע האָבען אָנגעהויבען איינצוזען, אַז דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַנקראָט, וואָס לויערט אויף פּוילען, האָט אַ סך צו פֿאַרדאַנקען די סיסטעמאַטישע אידען־פֿאַרפֿאָלגונגען אין דעם דאָזיגען לאַנד. אין געוויסע רעגירונגס־קרייזען און אַפֿילו אין די כלומר'שט ליבעראַלע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציעס האָט מען אַפֿילו אָנגעהויבען מאַכען חנ'דלאַך צו אידען. מ'האָט באַנייט — ניט צום ערשטען מאָל — די פֿרידענס־פֿאַרהאַנדלונגען מיט אידישע פֿאָרשטייער. די צביעות און פֿאַלשקייט. אָבער פֿון די פּויליישע פֿירער זיינען צו־גוט באַקאַנט אַפֿילו דער בירגערליכער אידישער געזעלשאַפֿט, אַז זי זאָל לייגען אַ סך געוויכט אויף די פּוילישע הבטחות. די אידען, וואָס לעבען איצט אונטער פּוילען, ווייסען צו־גוט, אַז דער באַנקראָט פֿון דעם איצטיגען פּוילישען רעזשים איז אומפֿאַרמיידליך; אַז פּוילען שטייט פֿאַר אַ רעוואָלוציע, און אַז נאָר מיט אַן אמת'ער פֿאָלקס־רעגירונג אין פּוילען וועלען אידען קענען פֿאַרהאַנדלען וועגען זייער רעכט.

---

וועגען דער אידישער לאַגע אין לאַטוויע און עסטלאַנד האָבען מיר פֿאַר'ן פֿאַריגען יאָר כמעט קיין שום וויכטיגע ידיעות ניט געהאַט. אויב מ'קען אָננעמען פֿאַר אַ כלל, אַז אידען פֿון אַ וועלכען ס'איז לאַנד לאָזען וועגען זיך ווייניג הערען, איז דאָס אַ סימן, אַז די לאַגע זייערע איז אין יענעם לאַנד ניט שלעכט, קען מען גלויבען, אַז די דאָרטיגע אידען האָבען באמת ניט אַ סך צו באַקלאָגען זיך. פֿון די קאַרגע ידיעות, וואָס וואַרפֿען זיך אַמאָל דורך אין די צייטונגען פֿון אָט די צוויי נייע מדינה'לאַך, איז אַרויסצוזען, אַז אויב די נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע רעכט פֿון די דאָרטיגע אידען זיינען מער פּאַפּירענע ווי רעאַלע, און אויב דער אַנטיסעמיטיזם אין די רעגירענדע ספֿערען איז צו אידען ניט שוואַכער געוואָרען, ווי ס'איז געווען פֿאַר דער צאַרישער רעגירונג, איז דאָך די אידישע לאַגע דאָרט בכלל סאַי פּאָליטיש, סאַי עקאָנאָמיש בעסער ווי אין פּוילען. אידען האָבען אין די דאָזיגע פּראָווינצען, וואָס געפֿינען זיך ביים באַלטישען ים, נאָך אַמאָל, אין דעם צאַרס צייטען, געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע. דער גאַנצער האַנדעל מיט אויסלאַנד און מיט טיף־ראָסעי איז כמעט געלעגען אין אידישע הענט. ווי עס זעט אויס, שפּילען אידען איצט אויך אַ גרויסע ראָלע אין דעם האַנדעל צווישען אויסלאַנד מיט סאָוויעט־רוסלאַנד. באַזונדערס האָט זיך זייער באַדייטונג פֿאַרשטאַרקט נאָך דעם ווי די סאָוויעט־רעגירונג האָט דערלויבט דעם פּריוואַט־האַנדעל. אַז די עקאָנאָמישע אידישע לאַגע אין די באַלטישע מדינה'לאַך איז ניט שלעכט קען מען דרינגען טאַקע דערפֿון גופֿא, וואָס מיר באַקומען פֿון דאָרטען זעלטען ידיעות. די בעסערע עקאָנאָמישע לאַגע ווירקט נאַטירליך אויך אויף דער פֿאַרבעסערונג פֿונ'ם קולטורעלען מצב. די לעצטע ידיעות פֿון דאָרטען ווייזען דאָס טאַקע. זיי דערציילען וועגען וויכטיגע אידישע קולטורעלע אינסטיטוציעס — פֿאָלקסשולען און הויכשולען — וואָס זיינען אין ריגע און ליבאַו פֿאַר'ן לעצטען יאָר געבויט געוואָרען.

---

פּונקט אַזוי ווייניג ידיעות, ווי פֿון די באַלטישע פּראָווינצען, האָבען מיר געהאַט פֿאַר'ן פֿאַריגען יאָר פֿון ליטאָ. די אַלע ידיעות האָבען זיך, נאַטירליך, געדרייט אַרום ווילנא, וואָס האָט זוכה געווען צו פֿאַרנעמען אַ צענטראַלען פּונקט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. פֿון די ידיעות, וואָס דער קייבעל האָט געבראַכט מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק, אַז די פּוילישע און ליטווישע מלוכות זיינען שוין געוויס דורכגעקומען בנוגע צו ווילנא, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז „די באָד איז נאָך גאָר ניט געהייצט" און דער שיקזאַל פֿון די ווילנער אידען, וואָס זיינען אייגענטליך דער הויפּט־עלעמענט פֿון אַלע נאַציאָנען, וואָס וואוינען אין אָט דער אַמאָליגער ליטווישער הויפּטשטאָט, סאַי אין צאָל, סאַי אין עקאָנאָמישער און סאַי אין קולטורעלער באַדייטונג — דער שיקזאַל פֿון די ווילנער אידען הענגט נאָך אַלץ אין דער לופֿטען. עס זעט זיך אָבער אָן, אַז ניט קוקענדיג אויף אָט דער אומבאַשטימטקייט פֿון זייער לאַגע, זיינען די ווילנער אידען גוט אָרגאַניזירט, בעסער ווי ערגעץ וואו אין אַלע מדינות און מדינות'לאַך, וואָס האָבען זיך אויסגעקאָכט פֿונ'ם אַמאָליגען רוסלאַנד. ס'איז אויך קענטיג, אַז בנוגע צו פּאָליטישע פֿראַגען הערשט דאָרט אַ [illegible]ע האַרמאָניע צווישען אַלע אידישע פֿאַר־

טייען. די אידישע שטעלונג בנוגע צו ווילנא איז גאנץ דייטליך ארויסגעזאגט געווארען פון דעם ווילנער כלל־טוער דר. וויגאדסקי ביי א קאנפערענץ פון אידישע און פוילישע פארשטייער. די שטעלונג איז אויסגעדריקט געווארען אין דעם זין, אז פאר אידען וואלט זיך בעסער געלוינט, אז ווילנא זאל זיין א באזונדער זעלבסטשטענדיגער שטאט, אונטער דעם שוץ פון די אייראפעאישע מלוכות און זאל ניט באלאנגען ניט צו ליטא, ניט צו פוילען. אויב דאס איז אבער ניט מעגליך, זיינען די אידישע סימפאטיעס מער גענייגט צו ליטא ווי צו פוילען, און די אורזאך האט אויך דערזעלבער דר. וויגאדסקי פאר די פוילישע פאליטיקער ארויסגעזאגט גאר ניט אין א פארשטעלטער פארם, ווייל ליטא האלט מער ווי פוילען איר צוזאג צו געבען אידען פאליטישע און נאציאנאלע רעכט. אידען באטייליגען זיך ניט אין די וואלען פון דעם כלומר'שטיגען סיים (לאקאלער פארלאמענט), וואס די פאליאקען ווילען צונויפברענגען אין ווילנא, און דאס איז א שטילער, אבער גאנץ קענטיגער פראטעסט קעגען פוילישער הערשאפט אין ווילנא. די ידיעה אין א ניו־יארקער אידישער צייטונג, אז די לינקע בונדיסטען האבען באשלאסען יא צו נעמען אנטייל אין די וואלען, ווייזט ניט, אז זיי, די לינקע בונדיסטען, האבען אן אנדער שטעלונג צו דער פראגע. זיי באנוצען דעם וואל־קאמף, ווי אין דערזעלבער ידיעה איז דייטליך אנגעגעבען, פשוט כדי צו פירען אגיטאציע אין די ברייטע מאסען פאר זייערע פאליטישע אידייען.

ניט קוקענדיג אויף אט דער אומבאשטימטער, שווערער פאליטישער לאגע פון די ווילנער אידען זעט זיך דאך אן, אז דער עקאנאמישער מצב זייערער איז אביסעל פארבעסערט און דער גייסטיגער לעבען אין אונזער „ירושלים דליטא“, לויט די ידיעות פון די דארטיגע צייטונגען, איז דער רירעוודיגסטער און אינטערעסאנטסטער, ווי אומעטום אין אונזער אלטער היים. ווילנא בלייבט ווילנא.

---

פונ'ם אייגענטליכען איצטיגען רוסלאנד גופא, פון סאוויעט רוסלאנד, קומען אן זייער קארגע ידיעות און מיר ווייסען ניט, ווי האבען דעם פארגאנגענעם יאר פארלעבט אונזערע ברידער אין דעם לאנד פון דער סאציאלער רעוואלוציע. עס איז אבער קיין שום פראגע ניט, אז ווי ליכטיג און טרייסטענדיג די צוקונפט זאל ניט ווינקען די אידישע מאסען אין סאוויעט רוסלאנד, אבער דערווייל זיינען פאר זיי זייער שווער אט די „חבלי משיח“, די געבער־ווייטאגען פון א נייעם לעבען. אזוי שווער, אז עס זעט זיך ניט אן, ממש, קיין מעגליכקייט, ווי אזוי אונזערע צעפייניגטע און מיט בלוט אפגעגאנגענע ברידער וועלען קענען אריבערלעבען אט דעם שרעקליכען בין השמשות'דיגען מאמענט. די שווערע אויסערליכע לאגע ווערט נאך פארשארפט דורך דעם ביטערען קאמף וואס ווערט געפירט אינווייניג אין פאלק צווישען די עקסט־לינקע עלעמענטען מיט די ארטאדאקסישע בירגערליכע קלאסען. עס איז שווער פון דאנען צו אורטיילען וועגען די סבות פון דעם אזוי־גערופענעם „קאמף קעגען קלעריקאליזם“, וואס ווערט דארט געפירט פון געוויסע קאמוניסטישע גרופעס קעגען די שול־אידען. אבער א דירעקטער קאמף קעגען אפגעלעבטע אידייען האט נאך קיינמאל קיין גוטע רעזולטאטען ניט געבראכט. א סך בעסער, וואלטען די אידישע קאמוניסטען געטאן, ווען, אנשטאט מלחמה האלטען מיט גאט, ווי אונזערע ראדיקאלען האבען דא אין אמעריקע פראקטיקירט אין די גוטע אלטע צייטען, וואלטען זיי געסטארעט זיך מיט אלע קרעפטען באדעקען די אידישע גאס מיט געזונטע פאלקס־שולען פאר קינדער און בילדונגס־אינסטיטוציעס פאר גרויסע.

---

דער פאגראם פונ'ם 2־טען נאוועמבער פון די אראבער קעגען אידען אין ירושלים, וואס האט איבערגע'חזר'ט אין א ביסעל א קלענערען פארמאט די בלוטיגע פאסירונגען אינ'ם זעלבען ירושלים פאר־א־יארען פסח, האט ווידער אמאל אויפגעטרייסעלט די אידישע וועלט. עס איז אבסאלוט ניט נייטיג צו זאגען גוטע אדער שלעכטע ידיעות צוליב אט דער נייער בלוטיגער געשעהעניש אין פאלעסטינא. די גאנצע וועלט, און מיט איר אויך די אידישע וועלט, ווערט גע'טובל'ט אין בלוט פון א באנייטען, באפרייטען לעבען. אומעטום זיינען מיר די ערשטע אין קאמף און גיבען די גרעסטע צאל קרבנות. מ'קען זיך ניט העלפען. א טרייסט קענען מיר פיליכט געפינען אין דעם, אז די באוואוסטזיניגע אידישע ארבעטער אין פאלעסטינע שטייען אויפ'ן זעלבען שטאנדפונקט, ווי זייערע ברידער, די אידישע ארבעטער, אומעטום; אז ניט קוקענדיג אויף די שחיטות, פאגראמען, מלחמות און פארפאלגונגען מצד אונזערע שכנים, קענען מיר און דארפען מיר פון זיי ניט אוועק. מיר מוזען מיט זיי, מיט אונזערע ניט־אידישע שכנים לעבען אינאיינעם און מיר מוזען געפינען א וועג פאר ברידערליכע באציאונגען מיט די מאסען פון אנדערע פעלקער. דערצו איז נייטיג א ברייטע און טיפע אויפקלערונגס־ארבעט פון אונזער זייט. נאר ביי א העכערער קולטורעלער מדרגה וועלען די מאסען פון אנדערע פעלקער זיך ניט לאזען פארנארען צו בלוטיגע אטאקעס אויף אונז און וועלען פארשטיין, אז אונזערע שונאים זיינען אויך זייערע.

---

דאס אידישע לעבען ביי אונז אין אמעריקע איז גראד ניט פארלאפען אזוי שטיל, ווי אין פריערדיגען יאר. דער גרויסער אינדוסטריעלער קריזיס האט זיך אפגערופען זייער שווער אויף א רייע געביטען פון אונזער לעבען דא, אין דער נייער היים. די צעשפאלטונג אין די סאציאליסטישע מחנות איז א ריזיגער פאקטאר אין דער אמעריקאנער אידישער ארבעטער־באוועגונג, וואס וועט ברענגען זייער ערנסטע רעזולטאטען. אט דער אינערליכער קאמף אין אונזערע אייגענע רייען האלט אין רעכטען ברען און עס איז נאך וגייט צו מאכען אן איבערבליק אויף אים און אונטערציען די אונטערשטע שורה. אין רעכטען ברען האט ביים אויסלאז פון יאר געהאלטען דער שניידער־קאמף, וואס פארנעמט שטענדיג די צענטראלע אויפמערקזאמקייט אין די געשעענישען פונ'ם אמעריקאנער אידישען לעבען.

עס איז קיין ספק נים, אז אינ'ם לעבען פון די אמעריקאנער אידישע מאסען ווערען געבארען נייע גרויסע פראבלעמען, וואס דער נייער יאר וועט זיך דארפען מיט זיי ערנסט פארנעמען.

---

# דער בארג און דאס גרעזעל

(פאבעל)

פון נחום י.

א גרעזעל, טוליענדיג זיך צו א הויכען בארג,  
האט אים געבעטען: — ביסט דאך גרויס און שטארק,  
פארהיט מיך פון דעם ווינט דעם פרעכען און פארשייטען,  
וואס בייגט מיך אום אין אלע זייטען  
און מאכט פאר מיר טאג־טעגליך  
מיין קורצען לעבען שווער און אומדערטרעגליך“ . . .  
— „דו וועסט געהאלפען זיין, געוויס,“ —  
האט רואיג צו דעם גראז געזאגט דער ריז, —  
„דיין רעטונג אבער איז אין דיר אליין:  
ביזט קליין,  
דעריבער קאנסט דו זיך אהינטער מיר באשיצען;  
איך זעלבסט בין הילפלאז, קינד,  
און שטענדיג בלייב איך אפען פאר'ן ווינט,  
פאר רעגענס, דונערען און בליצען“ . . .

# די אַרבעטער־פרוי אין סאָוויעט רוסלאַנד

(פסיכאָלאָגישער עטיוד)

פון ד ר. א. חפץ

פאר מיר ליגט א קליין דייטש ביכעל אין א רויטען איינבאנד פון ק. פאליאנאווא. דאס ביכעל אנטהאלט אין זיך טיפען און בילדער פון ארבעטערינס אין רוסלאנד. מ'מוז צוגעבען, אז די פיר יאר רעוואלוציע האבען אינגאנצען געענדערט די פיזיאנאמיע פון די ברייטע שיכטען פון דער רוסישער באפעלקערונג; אלע, וואס אינטערעסירען זיך מיט רוסלאנד, אלע, וואס ווילען נאכפאלגען איר צוקונפט, אלע, וואס ווילען אנטייל נעמען אין איר פאליטישען און קולטורעלען אויפבוי, מוזען קאנסטאטירען איין הויפט־פאקט: די פסיכיק פון פויער און פון שטאטישען איינוואוינער האט זיך אינגאנצען געביטען אונטער דער ווירקונג פון דער גרויסער איבערקערעניש, וואס רוסלאנד האט דורכגעלעבט; אלע, וואס ווילען זיך דערמיט ניט רעכענען, אלע, וואס קענען די גאנצע גרויסקייט און וויכטיגקייט פון דעם פאקט ניט פארשטיין און ארומנעמען פון אלע זייטען, בויען פאלשע פלענער און זייערע רעכענונגען מוזען פלאצען, ווי זייפענבלאזען.

דאס האבען מיר געזען אין דעם גאנג פון דער רוסישער קאנטער־רעוואלוציע, וועלכע איז אזוי גיך און מיאוס אונטערגעגאנגען, ניט קוקענדיג אויף דער אומגעהייערער שטיצע פון אויסען און אויף דער שווערער לאגע, אין וועלכער סאוויעט רוסלאנד האט זיך געפונען. אין מוח, אין די טיף־פארבארגענע מארך־צעלען איז פארגעקומען אן איבערקערעניש, וואס האט אינגאנצען אונטערגעגראבען דעם יסוד פון אלטען רוסלאנד, טיפער און ברייטער, איידער מ'האט זיך געקאנט פארשטעלען. די עטליכע יארען רעוואלוציע האבען געטאן אין דער הינזיכט מער, איידער הונדערטער יארען פון געוויינליכער היסטארישער אנטוויקלונג . . . עס קען פארדריסען, אדער עס קען פרייען — אבער מיט דעם פאקט, אז דער אמת'ער הערשער און בויער פון דער צוקונפטיגער רוסלאנד, דער דארפישער פויער און דער שטאטישער ארבעטער זיינען אנדערע ווי פריער, דאס איז א פאקט.

אמשארפסטען באשטעטיגט זיך דער פאקט בנוגע דער רוסישער פרוי. מיט איניגע צענדליגע יארען צוריק, האט דער בארימטער רוסישער פאעט ניעקראסאוו באהויפטעט, אז „עס זיינען הונדערטער יארען פארפלאסען, אלע און אלץ האט געשטרעבט צו גליק, אלץ אין דער וועלט האט זיך פיל מאל פארענדערט, נאר איין זאך איז געבליבען ביים זעלבען — דער בייזער מזל פון דער רוסישער פויערן־פרוי“; דער פאעט מיינט, אז „דריי שווערע מזלות האט די נאטור: דער ערשטער — צו הייראטען מיט א שקלאף; דער צווייטער, זיין א מוטער פון א זון — א שקלאף, און דער דריטער — דאס גאנצע לעבען זיין אונטערטעניג צו א שקלאפין; — און די אלע דריי מזלות זיינען געפאלען אויף די פלייצעס פון דער רוסישער פרוי“.

די רעוואלוציע האט דעם בילד אינגאנצען געענדערט: דער מזל פון דער רוסישער פרוי איז געווארען דער מזל פון דעם רוסישען מאן — דער קאמף האט זיי פארגלייכט — פעסט ווי שטאל שטייען זיי ביידע, פלייצע ביי פלייצע, אין די קעמפענדע רייען פאר דאס גליק און פרייהייט פון זייער לאנד.

די מאסע, די גרויע, איינפארמיגע און איינפארביגע סערוויאזשנע מאסע, האט ארויסגערוקט אין די פאדערשטע רייען פון פירער אירע אייגענע מיטגלידער.

קאליגינא, א שטאטליכע, 30־יעריגע פרוי, מיט קורץ־געשניטענע טונקעלע האר און מיט א שטארקער זיכערער שטימע. יעדע ארבעטערין, וואס האט כאטש איינמאל געהערט ווי זי רעדט, זאגט „אונזער קאליגינא איז א מאלאדעץ“. און זייער שטאלץ איז בארעכטיגט. קאליגינא שטודירט אין סווערדלאוו אוניווערזיטעט, נאר עס בלייבט איר ניט איבער פיל צייט אויף שטודירען. מיט א בוך אין האנט זעט מען ווי זי לויפט פון פארזאמלונג צו פארזאמלונג. „וואס זאל איך טאן, איך גיי רעדען“ — זאגט זי לאכענדיג, — „איך בין שוין ווידער הייזעריג פון צו־פיל רעדען און צום שטודירען האב איך נאר צייט פארמיטאג“.

קאליגינא פארשטייט צו וועקען דעם געזעלשאפטליכען אינטערעס ביי די ארבעטער־פרויען. זי זאגט אפט, אז „די צייט איז פארביי, ווען מען האט געקענט זאגען, אז די ווייבער האבען לאנגע האר אבער קורצען פארשטאנד. די ארבעטערין האט באוויזען, אז זי האט ניט נאר לאנגע האהר, נאר אויך א צימליך שטארקען פארשטאנד“.

ווען מען גיט א קוק אויף קאליגינא, זעט מען גלייך מיט וועמען מען האט צו טאן: אירע שטארקע מאזאליסטע הענט, איר מאניער צו רעדען, איר אויפפאסונג, באווייזען, אז זי איז א טיפישע ארבעטערין. און אזוי איז עס טאקע. זי איז א טעקסטילאר־ארבעטערין, און ניט לאנג צוריק האט זי געארבעט ביי דער מאשין. איר בילדונג איז קנאפ; זי לעזט, אבער דאס שרייבען גיט זיך איר איין מיט גרויס מי.

נאך דער פעברואר רעוואלוציע האט מען זי אויסגעקליבען אין ארבעטער־ראט. איר הויפט־טעטיגקייט הייבט זיך אן נאך דער אקטאבער רעוואלוציע. די האלב־אנאלפאבעטישע קאליגינא ווערט אויסגעקליבען אין דער עקזעקוטיווע פון מאסקווער ארבעטער־ראט, און זי ווערט באאויפטראגט מיט אזא וויכטיגער ארבעט, ווי אינספעקטירען די שפייז־האלען פון א גרויסען ראיאן. מיט גרויס מי און איבערגעבענהייט פירט זי דורך איר שווערע ארבעט. עס הייבט זיך אן קאלטשאקס מארש אויף מאסקווע, און א גרויסער טייל פון די פאראנטווארטליכע ארבעטער ווערען לויט דעם באשלוס פון דעם קאמוניסטישען צענטראל־קאמיטעט געשיקט צום פראנט; צווישען זיי אויך קאליגינא. זי ווערט געשיקט צום פראנט נאר אויף איין און א האלב חדשים, מ'לאזט איר אבער ניט אפ און זי פארבלייבט דארט איין און א האלב יאר.

זי נעמט אן אנטייל אין ארגאניזירען ארבעטער־באטאליאנען. אומעטום, וואו די רויטע פלאגען טרעטען אפ און די ווייסע האבען נאך ניט באזעצט די פלעצער, איז קאליגינא דורכגעגאנגען דעם פראנט און דערקלערט די דארטיגע ארבעטער וואס זיי דערווארט ווען זיי וועלען בלייבען ביי די ווייסע, און זיי פארגעלייגט, אז זיי זאלען זיך ארגאניזירען אין ספעציעלע ארבעטער־באטאליאנען, וועלכע זאלען צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי באקעמפען קאלטשאקען. יערעס מאל פלעגט איר געלונגען מערערע הונדערט ארבעטער אריינצוציען אין דער ארמיי. איינמאל האבען די ווייסע איר געכאפט — מען וואלט זי געוויס דערשאסען, ווען איר וואלט ניט געלונגען צו אנטלויפען. קאליגינא באקומט א פאראנטווארטליכע און געפערליכע ארבעט צו מאביליזירען פויערים. די פויערים אבער האבען ניט געוואלט גיין — „היינט נעמט איר איין ברודער, מארגען נעמט קאלטשאק דעם אנדערען, און אזוי מוז קעמפען איין ברודער געגען דעם צווייטען.“

קאליגינא אגיטירט צווישען פארשידענע פויערים־גרופען, גיט זיך די מי צו איבערצייגען איינצעלנע פערזענליכקייטען; זי דערקלערט זיי וואס עס דערווארט זיי אונטער קאלטשאקס הערשאפט. דאן גיט זי אפ א באפעל, אז אויף מארגען זאלען פארטיג זיין אלע מאביליזאציאנס־ליסטען.

דעם זייער כאראקטעריסטישען עפיזאד גיבען מיר איבער מיט אירע אייגענע ווערטער: „אויף מארגען, נאך פאר זון־אויפגאנג, קומט צו מיר א רויטער ארמייער: — גענאסין קאליגינא — זאגט ער — די פויערים בונטעווען זיך. זיי שרייען און ליארמען! — איך טו זיך גיך אן, לייג מיין רעוואלווער אין

קעשענע און גיי ארויס. א גרויסע מאסע פויערים שטייט פארזאמעלט פאר מיין טיר. איך ווייס שוין וואס זיי ווילען, אבער מאכענדיג זיך ניט וויסענדיג, גיב איך זיי אפ א „גוטען מארגען“ און זאג, אז עס איז זייער גוט, דאס זיי האבען געבראכט אזוי פרי די מאביליזאציאנס־ליסטען. אויף דעם קריג איך אן ענטפער: „מיר גיבען אייך ניט קיין ליסטען. היינט מאביליזירט איר, מארגען קאלטשאק, מיר ווילען זיין אינגאנצען פריי!...“

זייער גאנצער באנעמען זיך איז א פרעכער און א דראענדער... פאר מיר איז קלאר, אז מ'מוז איבערגיין צו אן אנדער מיטעל: —אזוי שריי איך אויס מיט'ן גאנצען כח, איר פארשטייט ניט אייערע אינטערעסען, איר מוזט ווארטען ביז קאלטשאק וועט אייך אלעמען לאזען אפשמייסען, דערמיט ערשט וועט איר פארשטיין אייערע אינטערעסען! — איך ציי ארויס מיין רעוואלווער און שיס אויס צוויי מאל אין לופטען. די מאסע לויפט זיך פאנאנדער, אן אלטער פויער פארקריכט פון שרעק אין א סטאג היי... פארשעמט קומען זיי גלייך צוריק. — ארום 12 א זייגער מוז אלץ פארטיג זיין! — באפעל איך... מיט מיין קליינעם רעוואלווער איז מיר געלונגען צו באקומען א מאביליזירטע גרופע פון 300 יונגע געזונטע פויערים...

אויף דעם פראנט ווערט קאלינינא קראנק מיט טיפוס... אבער גלייך ווי זי ווערט געזונט נעמט זי זיך פאר'ן שטודיום אין סווערדלאוו אוניווערזיטעט און פאר איר פראקטישער ארבעט. פול מיט לעבען און ענערגיע טוט זי איר שווערע און העכסט פאראנטווארטליכע ארבעט. איר דעוויז איז „נאר א קעמפער איז אין מיינע אויגען ווירקליך א מענש“...

די שרייבערין גיט א גאנצע רייע פון אזעלכע ארבעטערין־פירערינס: די שניידערין ניקאלאיעווא, די ביר־ברוי־ארבעטערין אסטאפיעווא, די פלוג־צייג ארבעטערין אלעקסייעווא...

דורך די גרויסע געשעענישען זיינען זיי, האלב־גראמאטנע איינפאכע ארבעטערינס פון דער פויערים־סביבה, ארויף אויף העכסט פאראנטווארטליכע שטעלעס; אויסער זייער ארגאניזאטארישער ארבעט אויפ'ן פראנט, פירען זיי געלונגען די אויפקלערונגס־ארבעט צווישען דער ברייטער מאסע פון די רוסישע פויערים און ארבעטער־פרויען.

אבער ניט נאר די פירערינס — מיר זעען אויך די ברייטע ארבעטער־פרויען־קרייזען, זייער טעטיגקייט... און דעמאלט ווערט פאר אונז אינגאנצען קלאר אויף וויפיל די נייע פירערינס זיינען כאראקטעריסטיש פאר זייער סביבה, אויף וויפיל די ארבעטער־פרוי האט פראגרעסירט פאר די לעצטע פיר יאר.

אין הערבסט 1919 איז די לאגע געווען קריטיש אויפ'ן פראנט, ניט נאר אין מיליטעריש־סטראטעגישער הינזיכט, נאר אויך אין מעדיציניש־סאניטארער. אויסער דאקטוירים האט זיך געפילט א שרעקליכע נויט אין בארמהערציגע שוועסטערס... די אלטע שוועסטערס, פאר די מלחמה'דיגע און די מלחמה'דיגע, זיינען באשטאנען פון אדעל און בירגערליכע עלעמענטען. א גרויסער טייל פון זיי האבען געווארפען זייער פראפעסיע, אום צו פארנעמען בעסער באצאלטע און רואיגע פלעצער, אלס סאוויעט־אנגעשטעלטע, אדער זיי זיינען איבערגעגאנגען אויפ'ן ווייסען פראנט... די עפידעמיעס האבען געווילדעוועט צווישען דעם מיליטער און די געפאר איז געווען גרויס. טראצקי שיקט נאך מאסקווע, אז עס איז נייטיג שנעל צו בילדען גרופען פון רויטע שוועסטערס פון ארבעטער און פויערים עלעמענטען. די צייטונגען, ספעציעל דאס „ארבעטערינס בלאט“, האבען געדרוקט מערערע ארטיקלען איבער דער באדייטונג און דער ראלע פון די „רויטע שוועסטער“; זיי האבען געדארפט ניט נאר היילען, נאר אויך פאליטיש אנטוויקלען דעם ווייניג־באוואוסטזיניגען טייל פון די רויט־גווארדיסטען. טויזענטע ארבעטערינס האבען זיך אנגערופען; עס זיינען געווען אינטעליגענטקעס און פויערטעס, נאר דער גרעסטער טייל זיינען געווען ארבעטערינס, צווישען זיי מערער זייער יונגע מיידלאך, פרייליכע און לעבענסלוסטיגע.

מיט א קאלאסאלער אנשטרענגונג פון קרעפטען איז זיי אויסגעקומען דורכצומאכען די דריי־מאנאטליכע קורסען, וואס זיינען ספעציעל פאר זיי ארגאניזירט געווארען אין א גרויסען קאלטען צימער, אן שטולען און בענק, אין מאנטלען און טיכער איינגעהילט, נאר דעם פנים אפען, שטייען די שוועסטער פיר שעה נאכאנאנד און הערען צו דעם פארטראג פון דאקטער. ער שרייבט אויפ'ן טאוועל, אבער ניט אלע קענען עס זעען; קיין לערביכער זיינען כמעט ניטא; דער דאקטער געברויכט מאנכעמאל פרעמדע ווערטער; מ'מוז זיך אנשטרענגען. די מיטאגפויזע דויערט איין און א האלב שטונדען; פילע געפינען זיך אין זייער ווייטע קראנקען־הייזער און דאס גיין אהין און צוריק נעמט אפ כמעט די גאנצע צייט. נאך דעם ארעמען, האלב־הונגעריגען מיטאג הייבט זיך אן אויפסניי דאס אונטערריכט אין דעמזעלבען קאלטען צימער, א טייל שוועסטער, וואס זיינען געקומען פון דער פראווינץ, וואוינען אין א ספעציעלער היים. נישטא גענוג בעטען, מוזען צוויי שלאפען צוזאמען... עס הייבט זיך אן די פראקטישע ארבעט אין לאזארעטען; מערערע שוועסטער ווערען קראנק אויף פלעק־טיפוס — און זיי ברענגען די אנשטעקעדיגע קראנקהייט אהיים. דאס איז אומפארמיידליך ביי דעם ענגען צוזאמענלעבען; ניט אלע האבען לייכט אריבערגעטראגען די קראנקהייט, — אייניגע האבען דערביי פארלארען זייער לעבען, אנדערע זיינען געבליבען געליימט אדער טויב, אבער קיינער האט זיך ניט באקלאגט — מען איז געווען צופרידען — „מען מוז דאך דורכמאכען די קראנקהייט, איצט זיינען מיר דאך פארזיכערט פון איר“... אלע האבען זיך געריסען נאר וואס גיכער אויפ'ן פראנט, צו דער רעטונגס־ארבעט... די רויטע שוועסטערס האבען געקעמפט מיט דעם לייכטזיניגען עלעמענט, וועלכער עס האט זיך אריינגעקליבען צווישען זיי. זייער געזונטער מאראלישער אינסטינקט האט זיי געוויזען דעם ריכטיגען וועג. — „דו קענסט ליבען וועמען דו ווילסט, דאס איז דיין פערזענליכער לעבען, אבער ניט אין קראנקען־הויז, ניט ביי דער ארבעט, דארט ביסטו נאר א שוועסטער און ניט מער. ליב וועמען דו ווילסט, אבער טו אונז, רויטע שוועסטערס, קיין שאנד ניט אן; דו זאלסט ניט וואגען דעם נאמען צו באפלעקען, וועלכען מיר טראגען מיט שטאלץ; אויב דו קענסט עס ניט, — קענסט דו גיין, מיר שליסען דיך אויס פון אונזער קרייז“...

די רויטע שוועסטערס האבען געטאן א געוואלטיגע ארבעט אויפ'ן פראנט דורך זייער קאמף מיט די עפידעמיעס. אין פריי־יאר 1920 זיינען די רויטע שוועסטערס צוגעצויגען געווארען צו דער זעלבער ארבעט אין לאנד גופא. אומגערן, זייער אומגערן האבען זיי פארלאזען דעם פראנט, וועלכער האט ביי זיי אפגענומען זייער געזונט און כחות. ער האט זיי אבער געגעבען א גרויסע באפרידיגונג.

אין די גרויסע עפידעמיע־צענטרען זיינען געגרינדעט געווארען ארבעטער־סאניטעטס־קאמיסיאנען, וואס האבען געדארפט קעמפען אין יעדען הויז, אין יעדען ווינקעל, געגען די עפידעמיעס. און אין דעם העלדענהאפטען קאמף זיינען די ארבעטערינס, די רויטע שוועסטערס, געשטאנען אין פראנט; זיי זיינען געגאנגען אין די שמוציגע באראקען פאר אנשטעקענדע קראנקע. זיי האבען זיי געפלעגט, מיט הוילע הענט האבען זיי געוואשען די שמוציגע וועש פון טיפוס־קראנקע; עס זיינען כמעט ניט געווען קיין דעזינפעקציאנס־מיטלען און וועש. מיט וועלכען נאמען, אויב ניט „העלדינס“, קען מען אנרופען די, וועלכע האבען אט די שמוציגע און לעבענס־געפערליכע ארבעט דורכגעפירט מיט זייערע הוילע הענט.

דערביי דער גרויסער ענטוזיאזם, וואס ווערט פארשטארקט פונ'ם באוואוסטזיין, אז זיי טוען א גרויסע, הייליגע זאך, דאס זיי נעמען אנטייל אין דעם גרויכען באפרייאונגס־קאמף, וואס דאס רוסישע פאלק מאכט דורך.

דאס נאר־וואס באפרייטע פאלק אנטוויקעלט ערשט זיינע קרעפטען; אין אוממענשליך־שווערע באדינגונגען קומט אים אויס צו לעבען; נאר דאס, וואס ער האט דורכגעמאכט אין די לעצטע יארען, די נייע פסיכיק פון די גרויע פאלקס־מאסען, וועלכע פארשטייען, אז זיי שמידען זייער אייגענעם שיקזאל, איז א ריכטיגער סימן, אז דאס „שטארבענדע רוסלאנד“ וועט דורכגיין דורך איר שווערער היסטארישער פעריאדע, און די גייסטיגע קרעפטען פון פאלק וועלען זיך קענען נארמאל אנטוויקלען.

# מיין באזוך אין ארבעטער רינג סאניטאריום

פון דר. וו. פרוידענטאל

די מעדיצינישע געזעלשאפט פון סאליוואן קאונטי, ניו יארק, האט מיך איינמאל איינגעלאדען צו האלטען פאר זיי א לעקציע איבער א פראגע, וואס איז פארבונדען מיט דער שווינדזוכט־קראנקייט. איך האב די דאזיגע געלעגענהייט אויסגענוצט צו באזוכען דעם אר. רינג סאניטאריום, און א דאנק דער הארציגער פריינדשאפט פון דר. און מרס. אנטאנאווסקי בין איך דארט פארבליבען איבער נאכט.

כאטש איך בין דארט זייער ווייניג געווען, פונדעסטוועגען האט דער סאניטאריום איבערגעלאזט אויף מיר אן איינגארטיגען איינדרוק. איך האב אין סאניטאריום דערזען א גוט איינגעארדענטע און גוט רעגולירטע אינסטיטוציע, וואס ניט נאר שטייט זי אויף דער זעלבער שטופע מיט אסך אנדערע אינסטיטוציעס, וואו די פאציענטען דארפען צאלען געוואלטיג הויכע פרייזען, נאר איך בין איבערצייגט, אז אין געוויסע פאלען, אחוץ אין לוקסוס־זאכען, שטייט דער אר. רינג סאניטאריום העכער פון זיי.

ניט ווייט פון ארב. רינג סאניטאריום געפינען זיך קורירפלעצער, וועמעס היגיעניזשער צושטאנד איז שרעקלאך פארנאכלעסיגט. ניטא דארט קיין דאקטארשע אויפזיכט, און די עסענס און די אנדערע זאכען, וואס מ'דערלאנגט דארטען, זיינען ניט צוגעפאסט צו די נויטען פון די פאציענטען. איינע פון די דאזיגע פלעצער, וואוהין איך בין איינגעלאדען געווארען אויף א בעראטונג, איז געווען א „באַרדינג הויז". אפילו קיין גוטע „שוועסטער" וואס זאל באהילפיג זיין די פאציענטען, איז דארט ניט געווען. דאס עס־צימער און די שלאף־צימערען זיינען געווען אזוי שטויביג און שטיקענדיג, אז איך האב בשעת מעשה א טראכט געטאן, צו ס'וואלט ניט געווען אסך בעסער פאר די פאציענטען ווען זיי וואלטען אינגאנצען געבליבען ביי זיך אין דער היים, אפילו אין א ניו־יארקער טענעמענט־הויז. דעם דאזיגען געדאנק מיינעם, האב איך אן שום צערעמאניעס איבערגעגעבען די דאקטוירים, וואס האבען מיר דאס פלאץ ארומגעוויזען.

וואס פאר א גרויסער חילוק איז דער אר. רינג סאניטאריום! גרויסע און באקוועמע געביידעס אויף א גרויס שטיק לאנד. אינעווייניג איז העל און ליכטיג און איינגעטיילט זיינען די געביידעס אין זייער באקוועמע און צוגעפאסטע צימערען אדער זאלען. דער שרייבער פון די שורות האט זיך באמיט און האט באזוכט אלע אפטיילונגען: שלאף־ווערענדעס, עס־צימערן, קיך, בעקעריי, וועשעריי, א. אז. וו. א דאנק נייע ערפארונגען און לעגגערע פראקטיק וועלען נאך אסך זאכען פארבעסערט ווערען, אבער דער אלגעמיינער פלאן פון סאניטאריום איז פראכטפול. איך האב זיך געטראפען מיט איינציגע פאציענטען און מיט גאנצע גרופעס, בשעת'ן עסען אדער אין די זאלען, און זיי אלע מאכען דעם איינדרוק פון א צופרידענער און גליקליכער גרופע מענשען — צופרידען פון דעם געדאנק, אז מ'טוט אלצדינג פאר זיינעטוועגען און אז יעדער איינער האט א חלק אין דער גאנצער ארבעט, ער איז א מיטגליד. ער איז בלויז אויף א ווײלע קראנק, האט אבער די רעכט אויפגענומען צו ווערען ווי א גאסט פון זיין אייגענער אינסטיטוציע.

קען און א נארמאלער וואוקס פון מענשען. מיר, די אלע וואס האבען זיך באשעפטיגט מיט שווינדזוכט־קראנקע מענשען ווייסען, אז ס'איז פאר זיי ניטא קיין רפואה, קיין מיטעל, וואס זאל אזוי פיל אויפטאן פאר זייער געזונטקייט און פארבעסערונג, ווי זונשיין, צופרידענקייט און א פריילאכע סביבה. דאס באווייזט אז די פארוואלטונג פון סאניטאריום טוט אלץ כדי יעדען איינעם צופרידענצושטעלען און אז דאס איז איר ביז אהער גוט געלונגען.

די סאניטאריום קאמ. האט מיר דאן באוויזען א רעכענונג פון דער טעגליכער הוצאה פאר יעדען פאציענט. און מיר דאכט זיך, אז די דורכשניטלאכע הוצאה א טאג פאר יעדען פאציענט איז אין סאניטאריום אסך גרעסער ווי אין אנדערע שפיטאלען און קוריר־פלעצער פאר שווינדזיכטיגע. און איך גלויב, אז מ'האט די הוצאה געקענט אביסעל פארקלענערען. זאלען מיר אפשר געבען ווייניגער צו עסען, אדער גאר ערגערע מאכלים? זיכער נישט. איך וואלט געוועזן שטארק קעגען אזא רעפארם.

ערלויבט מיר אייך פארצושלאגען מיינס א פלאן, וואס איז שוין ביסלעכווייז איינגעפירט געווארען אין געוויסע אינסטיטוציעס — „די ארבעט־רפואה פאר'ן ארבעטער." ווען א פאציענט קומט אן אין סאניטאריום דארף ער קודם־כל האבען רוה. זאל ער רוען א פיר וואכען. אז ס'גייען אוועק פיר וואכען, ווערען געוויסע פאציענטען אזוי אומרואיג, אז זיי הייבען אן צו ליידען אויף נערוועזיטעט. ווען דער דאזיגער פאציענט וואלט געוואוסט, אז ער דארף א האלבע שעה זיין באשעפטיגט אין דערפרי און א האלבע שעה נאכמיטאג, אלע מאל, פארשטייט זיך, מיט דעם דאקטארס ערלויבעניש וואלט ער זיין געפילט, אז ער ברענגט געוויסע נוצען אנדערע און זיין אייגענער ארבעט. אזעלכע פאציענטען וואלטען געקענט טאן אייניפאכע און לייכטע סטאליער־ארבעט, פארבען, באזונדערס אין דרויסען, און אסך אנדערע זאכען. אבער וויכטיגער פון אלע ארבעטען, וואלט פאר זיי געווען — ערד־ארבעט. פון ערפארונג ווייס איך, אז צוערשט לאכען די פאציענטען פון דעם געדאנק צו ווערען פארמער, אבער נאך א געוויסער צאל פראבעס, געפינען זיי אויס, אז זיי קענען אלע שטיין און ארבעטן אין פעלד א שעה, צוויי, אדער דריי א טאג.

אזא באשעפטיגונג ניט בלויז צו געזונט דעם פאציענט, און וואס שטארקער ער ווערט, אלץ שנעלער ווערט ער געזונט און אלץ מער קען ער אויפטאן. איך זאג דאס נאכאמאל: אזא ארבעט־רפואה דארף יעדער פאציענט איינעמען אונטער דער אויפזיכט פון דאקטאר. דאס וועט אפשר צוערשט טרייבן צו א נייער הוצאה, אבער שפעטער־צו וועט דאס דינען, ניט נאר ווי א קוואל פון הכנסה פאר'ן סאניטאריום, נאר ווי א קוואל פון פארגעניגען און געזונטקייט פאר'ן פאציענט.

צום סוף וויל איך נאך צוגעבען, אז קורירען זיך דורך ארבעט דארף זיין דאס מיטל ניט בלויז פון ארבעטער און ארבעטערינס, נאר א רפואה פאר יעדען איינעם, וואס ליידט אויף אזא קראנקהייט ווי שווינדזוכט. געוויסע סאניטאריומס אין אייסלאנד, באזונדערס אין דער שווייץ און אין דייטשלאנד,

א צופרידען לעבען מיינט: געזונטע און ערלאכע געראנ־האבען אויפגעטאן וואונדערבארע ארבעט מיט אזעלכע רפואות.

---

## העי, איר קלעזמער!

מלכה ט. חפין

העי, איר קלעזמער פון מיין לעבען!
קלעזמער מיינע קלאגעדיגע.
נאך ביז וואנען וועט איר שפילען
לידער בייזע, נאגענדיגע?
שפילט כאטש איינמאל מיר א פריילאכס,
כ'זאל פון לעבענס־וויי פארגעסען.
אך, דאס אלטע ליד פון ליידען
האט שוין ביטער מיר דערעסען!

נו, שפילט שוין עפעס לעבעדיגעס,
אז עס זאל מיך פריילאך מאכען!
וועל איך איינמאל כאטש אין לעבען
קענען בלויז מיין קלאג פארלאכען...
טא שפילט א טאנצענדיגס, א, קלעזמער,
און זאלען פליען רויט ראקעטען,
וועל איך אין א טאנץ א ווילדען
שטיפענדיג מיין הארץ צעטרעטען...

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאַן

## 8. „בענעווענוטא טשעליני"

בענעווענוטא טשעליני איז אַלט געווען פינף יאָר, בעת איינמאָל אין אַ ווינטער־אָוונט האָט זיך אָפּגעראַכט זיין פאָטער, וואָס האָט געשפּילט אויף אַ וויאָלאַ ביים קאַמין, אַז ער זעהט אַ חיה'לע, וואָס איז ענליך אויף אַ יאַשטשערקע, וועלכע טאַנצט אין פייער־פלאַם. ער האָט צוגערופען דעם קליינעם בענעווענוטא און האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַטש, אַז די אויגלאַך זיינען ביי אים פאַרלאָפען געוואָרען מיט טרערען. נאָר דער פאָטער האָט געשווינד זיי אויסגעטריקענט מיט לאַסקעס: „ליבער אינגעל — האָט ער געזאָגט צו אים — איך האָב דיר דערלאַנגט אַ פּאַטש ניט ווייל דו האָסט עס פאַרדינט, ניט ווייל איך האָב דיר געוואָלט באַשטראָפען, נאָר בלויז דערפאַר, כדי דו זאָלסט געדענקען, אַז די יאַשטשערקע, וואָס דו זעסט דאָ אין פייער, איז אַ סאַלעמאַנדרע, אַ חיה, וואָס קיין איין לעבעדיגער מענש אויף דער וועלט האָט ניט געזען.

אז מען לייענט איבער בענעווענוטא טשעליני'ס מעמואַרען, וואָס פאַרנעמען עטליכע הונדערט זייטען, זעט מען, אַז דער דאָזיגער אינצידענט פון זיין קינדהייט איז געווען אַ פּאַראַויסזאָגונג און אַ סימבאָל פון זיין גאַנצען לעבען: ער איז אויך געווען אַ חיה, וואָס האָט געלעבט אין פייער־פלאַם, אַ מענש פון פייער, צאָרן און גאַל, וואָס האָט אין פאַרלויף פון זעכציג יאָר פון זיין לעבען זיך אַרומגעוואָרפען אין אַ וויהבעלווינט פון לײדענשאַפטען, וואָס זיינען ניט נאָר פרעמד, נאָר אפילו אומבאַגרייפליך פאַר אַ מענשען פון היינטיגער צייט. דאָס וואָס דער דאָזיגער קינסטלער, דער דאָזיגער געניאַלער יובעליר, האָט איבער געלעבט אין איין יאָר, לעבט אַ מענש פון היינטיגער צייט ניט איבער אין פאַרלויף פון אַ גאַנצען לעבען. איהר לייענט זיינע מעמואַרען און אייך דאַכט זיך, אַז די האַנט פון דעם דאָזיגען זקן (זיינע מעמואַרען האָט ער געשריבען אויף דער עלטער ציטערט, אָבער ניט פון אַלטקייט, נאָר פון גאוה, וואָס קומט שפּעט, פון אומגעשטילטען האַס אָדער פון באַפרידיגטען נקמה־געפיל. דאָס איז מאַזעפּאַס פערד, וואָס קערט זיך אום אין סטאַדאָלע: ער איז אין בלוט, ער איז אין שוים, עס גייט נאָך פון אים אַ פּאַרע.

פון טשעליני'ס מעמואַרען קאָן מען זען, וואָס אַזוינס איז געווען די קונסט פון דעם 16־טען יאָרהונדערט. דאָס איז געווען ניט קיין לוקסוס, ניט קיין גוסט, ניט קיין דילעטאַנטיזם פון אַ באַראָקאָיטער תקופה, נאָר אַ לײדענשאַפט, אַ שטורעמדיגע און שרעקליכע, אַ פאַנטאַסטישע ביז דער העכסטער מדרגה. טשעליני'ס לעבען איז געווען איין לאַנגער שטורעמלויף פון צאָרן, וואָס פלעגט איבערגעריסען ווערען פון צייט צו צייט פון אַ באַרוישענדיגער באַגייסטערונג. אַ באַנדיט מיט די הענט פון אַ בעט, פלעגט ער שאַפען די גרעסטע קונסטזאַכען אין בלוט פון מאָרדען. די רענעסאַנס עפּאָכע האָט ניט געהאַט קיין זון אַ מער אויסערגעוויינליכען, ווי דער דאָזיגער גלאַדיאַטאָר, וואָס האָט אַזוי וואונדערליך באַהערשט זיין קריץ־פּעדער, דער דאָזיגער ציקלאָפּ, מאָנסטער, וואָס האָט געשאַפען אַזעלכע וואונדערליכע רינגען און קריגלאַך פאַר מלכים און פּאַבסטען פון יענער רענעסאַנס עפּאָכע.

אַלץ איז געווען אינסטינקטיוו אין דער דאָזיגער ווילדער נאַטור — דער דראַנג פון ערשטען איינדרוק, די געשווינדקייט פון אויספירען דעם קינסטלערישען פּאָרטראַכט אין די מערדערישע אָנפאַלען אויף זיינע געגנער־קינסטלער. ער ברומט און וואַרפט זיך אויף זיינע געגנער, ווי אַ לייב אויף יענע, וועמ'ס ער וואָגט אָפּצושטרייטען זיין נאָרע. מיר זעען ווי צו צוואַנציג יאָר רייסט ער זיך אַריין אין דעם ווערקשטאַט פון די יובעלירען־קאָנקורענטען. ער אַליין באַשרייבט די סצענע. „פּאַררעטער, האָב איך אויסגערופען, היינט איז דער טאָג, בעת איך וועל אייך אַלעמען צע'הרג'ענען!" שפּעטער, אין מיטען גאַס אין רוים, האָט ער דערשטאָכען פּאָמפּעאָן, דעם פּאַבסטס יובעליר, וואָס מיט אים האָט ער געהאַט עפּעס וועלכע עס איז חשבונות. „איך האָב נאָר געוואָלט אָפּלאָזען פון איהם בלוט", זאָגט ער, „אָבער ס'איז שווער אויסצומאַרקירען." אין פּאַריז, באַוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ער זיך אַריינגעריסען אין ווערקשטאַט פון דעם קינסטלער פרימאַטיטשיאָ, וואָס האָט מיט איהם געהאַט אַן איבעררייד וועגען אַ סטאַטוע, און מיט אַ שפּאַגע ביים האַלז האָט ער אים געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגען פון דער באַשטעלונג. „זייט וויסען, האָט ער געזאָגט, אויב איך וועל זיך דערוויסען, אַז איר האָט ווען עס איז אויף אַ וועלכען עס איז אויפן גענומען ווידער פאַרהאַנדלען וועגען דער דאָזיגער באַשטעלונג, וועלכע געהערט מיר, וועל איך אייך דער'הרג'ענען, ווי אַ הונט!"

אין פלאָרענץ באַגעגענט זיך טשעליני מיט'ן קינסטלער באַטשיאָ און עס קומט פאָר צווישען זיי אַ מורא'דיגער קאַמף. אָבער דאָ איז דער קאַמף אַ גלייכער: באַטשיאָ, אַזוי ווי טשעליני, איז אַ שטאָלצער, אַ מענש מיט אַ הייסען טעמפּעראַמענט, אַ גאַליגער און גיפטיגער. מען דאַרף זען ווי זיי רייסען זיך אַרום איבער יעדע שטיק מאַרמאָר, וואָס ווערט צוגעשיקט צם הערצאָג פון קאַררא אָדער פון גריכענלאַנד. עס דאַכט זיך, אַז ביידע זיינען גרייט די שטיק צו צעברעכען, כדי זיך צו שלאָגען מיט די שטיקער. מאַנכעס מאָל באַגעגענען זיי זיך ביי ווערק, וואָס איינער פון זיי האָט נאָר־וואָס געענדיגט. דעמאָלט הייבט זיך אָן אַ מחלוקה, וואָס גייט איבער אין אומגעהערטער זידלעריי. ביידע זיינען צעקאָכט און שטייען ווי צוויי צעווילדעטע אָקסען, גרייט אָנצופאַלען איינער אויפ'ן אַנדערען. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט זידלעריי איז דער פאָרצוג אַלעמאָל אויף טשעליני'ס זייט: זיין האַלז ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ טרובע, וואָס דונערט אַרויס קולות, זידלעריי, קללות און חרמות. ער ברומט צו זיין געגנער: מען זאָגט, אַז ווען מען זאָל אָפּשניידען די האָר ביי דיין הערקולעס, וועט ביי אים ניט בלייבען גענוג שאַרבען, וואו דער מאַרך זאָל זיך קאָנען איינהאַלטען; קיינער קאָן זיך ניט פאַנאַנדערקלייבען, צי ביי אים איז אַ מענשליך פּנים, אַ פּנים פון אַ לייב, אָדער פון אַן אָקס; מען זאָגט, אַז זיין קאָפּ נעמט ניט קיין אנטייל אין דער באַוועגונג און האַלט זיך ניט אויפ'ן האַלז; אַז זיינע צוויי שולטערן זיינען ענליך צו די קערב, וואָס אַן אייזעל שלעפּט; אַז זיינע פיס זיינען ניט קאָפּירט פון מענשליכע פיס, נאָר פון אַן אַלטען זאַק מיט קירבעס, וואָס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרען שטייענדיג ביים וואַנט.

אָט אַזעלכע און אַנדערע ענליכע „קאָמפּלימענטען" שיט ער אויף זיינע קאָנקורענטען־קינסלער לינקס און רעכטס, אָן אַן אויפהער, אָן אַ מאָס. ניט איין רואיגע מינוט איז געווען אין דעם לעבען פון אָט דעם מענשען, פון אָט דער „סאַלאַמאַנדרע", וואָס זיין גאַנצער לעבענסלויף איז געווען איין שטיק גליענד פייער. ענטבלויזען זיין קינזשאַל, כדי אימיצען אַריינצושטעכען — איז ביי אים געווען איינער פון זיינע נאַטירליכע און אָפּטע זשעסטען. פאַר זיין ראַכעזיכטיגקייט זיינען אַלע קריוודעס און באַליידיגונגען געווען גלייך: גרינגשעצונג, מיסאַכטונג, אָדער אַ וועלכע איז אַנדערע נישטיגע קריוודע — פאַר אַלץ האָט ער געהאַט איין אורטייל — טויט. און אַזוי ווי ער אַליין האָט זיך געקרוינט פאַר דעם זעלבסטהערשענדיגען מאָנאַרך פון זיין קונסט, איז יעדע פאַרזינדיגונג קעגען אים געוואָרען אַ שווערע מאַיעסטעטס־באַליידיגונג. — זיין ברודער ווערט דער'הרג'עט אין אַ געשלעג מיט וועכטער; ער שפּיאָנירט אויס פונקט אַזוי ווי מען שפּיאָנירט אויס אַ געליעבטע, דעם סאָלדאַט, וואָס האָט זיין ברודער דער'הרג'עט, און צולעצט, אָפּהיטענדיג אים ביי דער טיר פון אַ שענקעל, דערשטעכט ער אים פון הינטען מיט זיין

קינזשאל. א ווירט פון א האטעל אין פעראראַ, וואו ער האט געוואלט איינשטיין, האט פון אים געפאדערט דאס געלד אין פאראויס. ווערט ער אנגעצונדען, פונקט אזוי ווי יענער וואלט ווער ווייס וואס אים אפגעטאן און די גאנצע נאכט באטראכט ער א נקמה־פלאן. ער דערציילט אליין: „אין אנהייב האב איך געוואלט אונטערצינדען דאס הויז, דערנאך דערשטעכען פיר פערד זיינע, וואס זיינען געשטאנען אין סטאדאלע. אבער עס איז געווען קנאפ צייט, און פאר זיין אפפארען האט זיין צארן אויסגעגאסען אין האטעל גופא, צעשניידענדיג מיט'ן קינזשאל די ליילעכער אויף די בעטען. איך האב אלצדינג אזוי צעפיצעלט מיט מיין מעסער, אז איך האט אנגעטאן שאדען לכל הפחות אויף פינף הונדערט עקיו (אזא מטבע).

און זיינע מחלוקות מיט געליבטע זיינע פלעגען איבערגיין אין געשלעגען און מארדען. וועלענדיג נקמה נעמען פון איין יונג מיידעל, וואס האט ביי אים געדינט אלס מאדעל און האט געזינדיגט מיט איינעם פון זיינע אונטער־מייסטערס, האט ער זי געצוואונגען צו פאזירען פאר אים אין פארלויף פון לאנגע שעה'ן אין די סאמע ערמידענדיגע פאזעס. בעת זי האט געוואלט אים אנקלאגען דערפאר האט ער זי אזוי צעקיילט און צעביילט, אז זי איז געווען האלב־טויט. ער אליין דערציילט: „אז דער צארן האט אין מיר גענומען ברענען, האב איך זי א כאפ געטאן פאר די האר און געשלעפט איבער'ן קאמער, שלאגענדיג זי מיט די פיס און פויסטען, ביז וואנען איך בין מיד געווארען.“

איבעריגענס, אט דער קדחת־צארן איז געווען דער טעמפעראמענט פון זיין יארהונדערט. טשעליני פלעגט אפילו פאר די פאפסטען אליין זיין גאליגען טעמפעראמענט איינגאנצען ניט פארשטיקען; ער פלעגט אפילו ניט אפטרעטען דעם פאפסט קלימענטוס דעם 7־טען און פאולוס דעם 3־טען, אט די שרעקליכע אויבער־פריסטער, וואס פאר זייער פריסטערליכער רוט האבען די „ברוק־שטיינער“ געציטערט. ער פלעגט איבערבייטען די טערמינען, פלעגט זיי צווינגען צו ווארטען, ער פלעגט פאר זיי ארבייטען ווען ער פלעגט וועלען און חשק האבען און ניט ווען זיי פלעגען וועלען.

אט ווי עס פלעגען געוויינליך פארקומען די דאזיגע קריגערייען. — דער פאפסט רעכענט אויס, אז אט אין דעם טאג דארף אים טשעליני ברענגען דעם בעכער אדער די טיארע, וואס ער האט ביי אים באשטעלט; די זאכען זיינען אבער נישט פארטיג און דער קינסטלער טרייבט ארויס דעם פאפסטס שלוחים. דער פאפסט פאדערט אים אין וואטיקאן, ער קומט מיט א הויך־אויפגעהויבענעם קאפ; דער פאפסט איז אין צארן, ער דונערט און שרעקט אים. „ווי גאט איז הייליג, איך זאג דיר, דיר, וואס האט זיך געמאכט א מאדע מיט קיינעם אין דער וועלט זיך ניט צו רעכענען, ווען ניט די אכטונג צו דער מענשליכער ווערדע, וואלט איך געהייסען דיר ארויסשליידערן דורכ'ן פענסטער צוזאמען מיט דיין ארבייט.“ טשעליני ענטפערט אין דעמזעלביגען טאן פון פאפסט, פון דעם כהן גדול, וואס בענשט די וועלט. דער וואטיקאן ציטערט, די קארדינאלען ווערען אומרוהיג און קוקען זיך איבער. און ענדיגען ענדיגט זיך דערמיט, וואס טשעליני קוסט דעם פאפסט פוס און דער פאפסט קוקט אויף אים מיט א פאטערליכען שמייכעל.

ווי קאן עס זיין? איינפאך: די גרויסע קינסטלער זיינען געווען די צעבאלעוועטע קינדער פון די דאזיגע אטהענישע פאפסטען פון דער רענעסאנס. די פאפסטען פלעגען זיי פארגעבען אלין אין דער וועלט, אלע זייערע קאפריזען, אלע זייערע משונה'דיגע „גענג“. זיי פלעגען די קינסטלער באלוינען מיט זייערע לאסקעס גאנץ פרייגעביג. די קינסטלער פלעגען זיך קריגען און גוט־פריינד ווערען מיט די פאפסטען גאר אומבאשטראפט.

דער צארנדיגער פאפסט יוליוס דער 2־טער, פאר וועלכען אלין האט געציטערט און נעפלאטערט, פלעגט פאנאנדערלאזען זיינע ביסטרע און אנגעכמורעטע קנייטשען נאר פאר מיקעל־אנדזשעלא. אפריידען פון אים זיין סקולפטאר — מיקעל־אנדזשעלא — האט געשמעקט מיט חרם, מיט פארשילטען. בעת מיקעל־אנדזשעלא איז איינמאל אנטלאפען פון יוליוס דעם 2־טענס צארן אין פלארענץ, האט דער דאזיגער גאליגער פאפסט געשריבען צו דער דארטיגער סעניארע דונערנדיגע בריף, וואו ייר האט געפאדערט אים ארויסצוגעבען. מיקעל־אנדזשעלא קומט צוריק צו אים אין באלאניען. ער גייט אריין אין זאל, וואו דער פאפסט עסט אווענט־ברויט. דער פאפסט איז ארומגערינגעלט מיט דער אלהייליגסטער קאלעגיע, ער זעט אויס ווי א געצאמטער לייב, וועלכען דער לייבען־טרייבער האט אנגעשלאגען. יוליוס האט אנגעכמורעט די גרויע ברעמען און אים אפגעמאסטען מיט זיין בייזען בליק. „אזוי גאר, אנשטאט צו קומען צו אונז אין רוים, האסטו געווארט, אז מיר זאלען פארען דיר זוכען אין באלאניען!“ איינער פון די עפיסקאפען פון פאפסטס סוויטע האט געזאגט: „זאל אייער הייליגקייט זיך ניט בייזערן אויף אים, ווארום מענשען פון דעם דאזיגען מין זיינען דאך איגנאראנטען, וואס פארשטייען קיין זאך ניט, אויסער זייער מלאכה.“ אבער דער פאפסט, אן אויפגעבראכטער, האלב־אויפשטייענדיג, האט א קלאפ געטאן מיט זיין שטעקען דעם נארישען גלח: „דו ביסט אליין א איגנאראנט, דו באליידיגנסט אים, בעת איך אליין וויל אים ניט באליידיגען!“

פונקט אזעלכע סצענעס האט טשעליני געהאט מיט די פאפסטען. ער, דער דאזיגער קינסטלער־באנדיט, האט געקאנט פול מאכען רוים מיט מארדען, הריגות און סקאנדאלען, האט ער אבער נאר באדארפט ווייזען דעם פאפסט אדער אן אנדער הויכגעשטעלטען האר א רינג, א וואזע אדער א קאמעא, כדי מען זאל אים אלץ מוחל זיין. בעת אים האט זיך איינגעגעבען זיך אפצורעכענען מיט זיין ברודערס מערדער, איז דער פאפסט קלימענט דער 7־טער אין אנהייב געווארען אן אויפגעקאכטער; ער רופט טשעליני אין קווירינאל און קוקט אויף אים מיט צארן. טשעליני נעמט ארויס פון זיין בייטעל א שנאל (א ספראנדזקע) פאר א מאנטעל, אין מיטען פון וועלכען ער האט אויסגראווירט אין האלברעליעף קריסטוסען, וואס זיצט אויף א גרויסען בריליאנט און ווערט אונטערגעהאלטען פון קליינע מלאכים'לאך. אויגענבליקליך גייט אפ דער כעס ביים פאפסט, זיין פנים ווערט אויסגעלייטערט, באלויכטען פון גלאנץ פון דער געטליכער קאסטבארקייט. דאס איז שוין ניט מער דער צארנדיגער ריכטער, דער מלך, וואס איז גרייט צו באשטראפען, נאר דער ליבהאבער פון קונסט, וואס באטראכט און האלט אין האנט, וואס ציטערט פון אנטציקונג, א וואונדער־זאך. „בענווענוטא מיינער, — זאגט ער — ווען דו וואלסט געווען אט דא אין מיין קאפ, וואלסטו דאס ניט געקאנט מאכען בעסער.“

דער פאפסט יוליוס דער 3־טער האט זיך אפגעזאגט טשעלינען צו באשטראפען בעת ער האט גע'הרג'עט דעם קינסטלער פאמפעא. און בעת איינער פון די הויכגעשטעלטע גייסטליכע האט דעם פאפסט באמערקט, אז זיין צו־גרויסע רחמנות ווידערשפרעכט דעם געזעץ, האט דער פאפסט געענטפערט: „זאלסט וויסען, אז מענשען, וואס זיינען אזוי איינציג אין זייער מלאכה, ווי בענווענוטא טשעליני, דארפען ניט זיין אונטערווארפען אונטער געזעצען און ער נאך ווייניגער ווי ווער עס איז. קונסט איז געווען די צווייטע רעליגיע פון די דאזיגע כהנים גדולים — פאטריציער; זיי האבען געוואלט, אז דער קאטויליציזם זאל איבערשטייגען דעם היידענטום, די געצענדינערייי אפילו אין די פארמען. קונסט איז געווען די ערשטע זאך און די לעצטע זארג פון זייער ממשלה.

דערפון קאן מען פארשטיין, ווי הויך דער 16־טער יארהונדערט האט געשעצט זיינע גרויסע מייסטערס, אנהייבענדיג פון ארכיטעקטאר, וואס האט געבויט זיינע פאלאצען, און ענדיגענדיג מיט'ן יובעלירער, וואס האט אויסגעארבייט זיינע רינגען.

מיט זיינע מעלות און חסרונות, מיט זיין טאלענט און משוגעת, איז בענווענוטא טשעליני די אריגינעלסטע פארקערפערונג פון דער דאזיגער קינסטלערישער איטאליען פון 16־טען יארהונדערט, וועלכע האט ארויסגעבראכט אזעלכע גרויסע, אזעלכע אויסערגעוויינליכע פערזענליכקייטען, גוטע און שלעכטע, מאדנע גאונים, וואס זיינען געווען ארגאניזירט פאר גוטס, פונקט אזוי ווי פאר שלעכטס, פאר פרומקייט, פונקט אזוי ווי פאר זינד, פאר פארברעכען, פונקט אזוי ווי פאר באגייסטערונג און ענטוזיאזם.

ענטוזיאזם איז געווען די אייגענשאפט פון יענער גאנצער עפאכע. עס איז באוואוסט מיט וואסער ענטוזיאזם מיקעל־אנדזשעלא פלעגט אנאטאמירען טויטע קערפער, אריינשטעקענדיג

# אין די אָנגעלאָפענע טעג

(דערציילונג)

פון אל. גוריה

ערשט ארום פארנאכט האט זיך דעם דאָקטער לעווין איינגעגעבען צו קומען אהיים. זינט ער האט גענומען פּראַקטיצירען אלס א פאַרטיגער דאָקטער, האט זיך די צאָל פון זיינע וויזיטען מיט יעדען טאָג געמערט, באזונדערס די לעצטע טעג, ווען אים איז אויסגעקומען צו ארבעטען פון באגינען אָן, אָפּט מאָל ניט האָבענדיג אפילו קיין צייט אויף אויסצוטרינקען א גלאָז קאַפּע אין א קאַפּע־הויז.

ער איז איצט געקומען אהיים א מידער, א הונגעריגער. א פאַרביטערטער אויף דער גאַנצער וועלט איז ער אריין צו זיך אין הויז. אין הויז האט אויף אים ניט געווארט קיין פרוי, וואָס זאָל זאָרגען וועגען אים און וועגען זיין שפּעט אהיימקומען.

אין בריפקעסטעל אין פאָדערהויז האט ער געפונען א פּאַפּירעל מיט אַן אדרעס צו א קראַנקען, וואָס עמיץ האט אין זיין אָפּוועזענהייט געלאָזט פאַר זיינעטוועגען. אומצופרידען, ניט שענקענדיג קיין אויפמערקזאַמקייט דעם אדרעס, האט ער א שלײדער געטאָן דאָס פּאַפּירעל אויפ'ן טיש און זיך אָפּגעקערט דערפון.

אין הויז איז געוועזען פינסטער, שטיל, ווארים. לעווין איז געשטאַנען אינ'ם גרויסיגען צימער מיט'ן אַלטען מעבעל, בילדער, ביכער און א סך פאָטאָגראַפיעס אויף די טונקעלע ווענט.

ער האט געפילט די זאַכען, וואָס האָבען דאָס צימער אויסגעשטאַט, ניט זעענדיג זיי אין דער פינסטער, ער האט געפילט זייער ליבליכע, אינטימע ווארימקייט, אין וועלכער עס האט זיך צעעפענט זיין אוממוט, מידקייט, זיין בענקשאַפט און באַגער נאָך א פרוי, וואָס זאָל זיך דאָ אין זיין צימער ארומדרייען, וואָס זאָל ווארטען אויף אים, וואָס זאָל אים אויסקוקען.

— אליין, אליין — האט ער זיך ניט געקענט מוחל זיין.

אלע יאָרען זיינען אים אוועק בחור'שע. ער האט זיך דערמאָנט, אַז ער האט קיינמאָל ניט געשטרעבט צו זיין אין פרויען־געזעלשאַפט, אָדער צו קומען אין זייער נאָענטקייט. אייביגע יאָרען כסדר נאָר געהאט אין זין רייך צו ווערען, צו פאַרמאָגען א סך געלט. דאָס לערנען זיך זיין דאָקטער, ווי דאָס פאָרען נאָך אַמעריקע, איז דאָך געווען נאָר צוליב געלט, צוליב דאָלערס. ער האט דערהערט, אַז אַמעריקע קען פאַרווירקליכען זיין חלום, האט ער נאָר פון אַמעריקע געטראַכט, ביז ער איז געפאָרען.

נו, איצט, ווען ער באַזיצט שוין גענוג געלט, זיין פּראַקטיק, זיין געניטקייט אלס גוטער דאָקטער איז שוין איבער דער גאַנצער שטאָט באַקאַנט, וואָלט א פרוי, וואָס וואָלט מיט איהם געהייראַט, דערפילט אלץ, וואָס א זינדיגער מענש אויף דער גרויסער ערד קען זיך נאָר וואונשען.

מיט א פרוי אין הויז, וואָלט דאָס הויז אויך היימליכער, בכבוד'גער געוואָרען. טרינקט מען אין אַזא נאַכט טיי, איז ווי הערליך דער געשמאַק פון דער טיי און ווי אַפּעטיטליך זעט אויס דאָס ברויט און דאָס שיינע פייער אין אויווען.

אין אַזא הארבסטיגע נאַכט איז גוט מיט א פרוי א שטילען, געמיטליכען שמועס צו פירען און שפּעטער, ווען די אויגען קלעפּען זיך צו צום שלאָפען, איז גוט זיך אויסצוטאָן, ווען א פרוי מאַכט דאָס געלעגער זאָרגפעלטיג גרייט און מיט איר ווייכען קול לאָזט זי אים דאָס וויסען און רופט אים.

לעווין האט זיך ארומגעקוקט, אוועקגעגאַנגען פון פענסטער, אָנגעצונדען די גאַז. ביי דער גאַז־ליכט האט ער פון ווייטענס דערקענט די האַנטשריפט אויפ'ן שטיקעל פּאַפּירעל, וואָס ער האט ארויסגענומען פון בריפקסטעל. ער האט א ציטער געטאָן: דאָס רופט מען אים צום הערינג־סוחר'ס פרוי. זי מוז דאָרט זיכער שוין שטאַרבען. נאָך נעכטען, זייענדיג ביי איר, האט ער דאָס שוין פאַרגעזען. ער האט אָבער קיינעם וועגען דעם ניט געקענט זאָגען, כדי מען זאָל אים מער ניט רופען.

דער מאַן, דער הערינג־סוחר, איז ערגעץ אונטערוועגס צוליב געשעפט און ווייסט גאָר ניט, וואָס מיט זיין פרוי קומט פאָר. די צוויי טעכטער, בפרט דער עלטערער, מרים'ען, ווי האט ער גאָר געהאַט האַרץ דערויף, אַז ער זאָל איר די לאַגע מאַכען קלאָר, גאָכדעם ווי זי האט אים אַזוי פיל האָפענונג, אַזוי פיל צוטרוי ארויסגעוויזען וועגען א הילף, וואָס ער טראָגט כלומר'שט מיט זיך פאַר זייער מוטער.

ער האט זיי געטרייסט, נביאות געזאָגט, אַז דער טאַטע וועט זיכער אין גיכסטען זיך אומקערען אהיים צו זיי און, ארויסגייענדיג פון זייער הויז, געפילט ווי עפּעס א לאַנגער חלום וואָלט אים פאַרווירקליכט געוואָרען, אַזוי באַפרידיגט, אַזוי זונדערבאַר גוט איז אים געווען אויף דער נשמה. ער איז נעגאַנגען גיך כאָטש ער איז געווען איבערגעלאָדענט מיט אומקלאָרע, אומפאַרשטענדליכע פאַרשפּרעכונגען, דערוואַרטונגען, האָפענונגען.

היינט אין דער פרי, בעת ער איז געפאָרען אין קאַר צו א קראַנקען און דערזען מרים'ען דורכ'ן פענסטער, האט א שלאָג געטאָן דער אייגענער נעכטיגער געפיל אין זיין בלוט. דער געדאַנק אראָפּצוגיין פון קאַר, כדי ביי מרים'ען זיך אויסצופרעגען וועגען דער מוטער, איז גיך אויסגעלאָשען געוואָרען ווי נאָר ער האט זיך א צינד געטאָן.

מרים איז געגאַנגען מיט דער גאַס. דאָס קורצע אונטערגעהויבענע קליידעל האט ארויסגעוויזען אירע שיינע פיסלאַך אָנגעטוענע אין לייכטע שיכלאַך.

ער האט זי געזען אַזוי נאָענט. זי איז געווען געפּרוירען, צערודערט. זי האט אויסגעזען זיירע באַדויערנסווערט.

אין אים האט זיך איצט וואָס גערעגט. א פאָרוואורף האט געמאָנט חרטה פאַרוואָס ער האט זי ניט גענומען פון דער גאַס אהיים צו זיך. און גלייכצייטיג שפּרייזענדיג איבער'ן צימער האט ער געטראַכט וועגען זיין ליבע, וואָס ער האט איצט דערקענט אין זיך צו מרים'ען.

לעווין האט זיך ניט צוגעהערט ווי אין זיין שווינדזיכטיגער ברוסט פאַראַדירט א הייסער שטראָם. ער האט נאָר דערפילט צו טאָן א געשריי:

— דאָס איז עס! דאָס! דאָס! מרים!

דער שטענדיגער ניט דערטרוימטער פּראַכט אין זיין בלוט וועגען אַן אויפגעבויטע פאַמיליע האט זיך איצט צוריקגעקערט

---

זיי א ליכט אין פּופּיק, כדי צו ארבייטען איבער זיי די גאַנצע נאַכט. פאַר אים, פּונקט אַזוי ווי פאַר אלע קינסטלער פון יענער וואונדערליכער עפּאָכע, איז דער מענשליכער סקעלעט ניט געווען אַן איבערבלייבעניץ פון פאַרפוילטען פלייש, נאָר א וואונדערליכער געשטעל פון קראַפט און שיינקייט. דער סקעלעט עקעלט זיי ניט. מיט ליבע און ערפורכט זוכען זיי אין מענשליכען שאַרבען די סודות פון לעבען. און פון אלעם דעם ווערען באַשאַפען די ווענערעס, געטער און געטינס, נימפען, העלדען, מלאכים, וואָס מיט זייערע שיינע העלדישע און גראַציעזע קערפּער ווערען באַפּוצט די הערליכע פּאַלאַצען. פון פּגרים וואַקסען ארויס דופטיגע בלומען. דער 16־טער יאָהרהונדערט פּראָקלאַמירט דעם פּלאַסטישען טריאומף פון טויט.

אויף בענווענוטא טשעליני פלעגט מען זאָגען, אַז ער איז אַזא גרויסער קינסטלער, אַז אפילו אין חלום ארבייט ער, אַז ער קאָן אויסארבייטען זאַכען פון גאַרנישט, פון־דאָס, וואָס מען קען ניט אָנטאַפּען, אַז ער קאָן אויסגיסען אין פורעם א חלום...

צו אים. ער האט שוין דעם ערשטען טריט געמאכט, כדי איינצופירען אט די דאזיגע גרויסע אויפבויאונג זיינע פון אלע יארען. מרים איז איצט געווען דער ערשטער, דער פאקטישער טריט.

ער האט געטראכט:

אזא מיידעל ווי מרים דארף זיך גליקליך פילען, וואס אזא מאן, א רייכער, למשל, ווי ער, שטימט איין מיט איר צו הייראטען, און אזא מאן ווי ער, א קראנקער, דארף באמת וויסען ווי אזוי צו פארשאפען אירט־וועגען, דער געזונטער, א ברייט לעבען.

לעווין האט צו זיך א קוועל געטאן. זיינע אפגעצערטע גלידער האבען זיך עפעס ווי געשטארקט, פעסטער געווארען, זיינע דארע הענט, אויף וועלכע עס איז געלעגען אזוי בולט דער סימן פון שווינדזוכט, האבען זיך פון זיך אליין א צי געטאן, ווי צו כאפען עפעס. די ליפען זיינע געווען האלב אפען און די אויגען האבען גענומען ווילד לאכען.

— איך וועל דאך ביי זיך נאך האבען א מיידעל!

ווי ווייט איז שוין געווען פון אים אוועק דער געדאנק וועגען דער מלחמה, וואס אים קומט אוים די לעצטע צייט גאנץ אפט אנצופירען מיט א בייזען טייוועל, די שווינדזוכט, וואס זיצט אין איהם אונטעררייסענדיג די ברוסט, די לונגען.

מרימ׳ס שיין פנימ׳ל האט שוין באוויזען א פאר מאל זיך א ווייז צו טאן פאר אים אינ׳ם העל־באלויכטענעם צימער.

— מרים, מרימ׳ל — האט ער זי גערופען, צערטלענדיג זיך מיט דער ווארימקייט פון דעם נאמען.

— קום אהער, צו מיר, דו ביסט דאך מיינע.

מען דארף שלאפען גיין, מרים, וואו ביסטו? קום אהער.

ער האט ניט דערפילט די מעסער־קאלטקייט פונ׳ם בליץ. וואס איז דורך דורך זיין קאפ אנזאגענדיג אים, אז ער וועט די לונגען באלד אויסשפייען, אז ער וועט זיך אינגאנצען אויסשפייען, און האט אויך ניט באמערקט ווי איילענדיג ס׳צעגיסט זיך אין א ים שוואכקייט די נאר־וואס אין אים אנגעצונדענע כחות צו שטארקייט, צו פארלאנגען, צו ווילען.

מיט אן אומרואיגער נייגעריגקייט האט ער זיך נאר צוגעקוקט ווי זיינע הענט פאלען פון אים אפ פאר׳חלש׳טע. ניט ער האט זיי באוואונדערט און ניט באדויערט. ער האט זיי געפרואווט אויסשטרעקען, זיי האבען זיך אויסגעשטרעקט, איז מיט זיי צוגעגאנגען צו א שענקעל, ארויסגענומען פון דארט א פלעשעלע מיט א מין געטראנק.

— אביסילע גוטען ווייז. פאר דיין געזונט וועל איך דאס טרונקען, מרים.

— דער שפעטער וועט קומען, מרים, און ברענגען צו אונז נאך א פערזאן, א דריטען פערזאן, וועט נאך היימליכער, אינטערעסאנטער ווערען.

די נאכט האט זיך אנגעצונדען, זיך צעפלאמט, ער האט די פלאמען ניט געזען, דאס פייער ניט דערקענט; ער האט נאר געהערט די היץ ארום זיך, וואס האט פון דער פינסטערער הערבסט־נאכט אין דרויסען זיך ארייגעשפארט צו אים דורכ׳ן פענסטער און געגליט און געפארעוועט די לופט.

לעווין האט דערשפירט א פיבער אין זיין גאנצען קערפער. ער האט מיט דער האנט זיך א כאפ געטאן ביי דער ברוסט און אומבאהאלפען זיך ארומגעקוקט.

מרימ׳ס שיינע פנימ׳ל האט ווידער אמאל געטאן א בלענד אין צימער. דאס מאל האט זי אבער געטראגען א בראנד־פייערדיגען זאם ארום דעם ברעג פונ׳ם אונטערגעהויבענעם קליידעל, די ברעגען ארום דעם טיפען דעקאלט פון איר בלוזעלע זיינען אויך געווען פון דעם זעלבען בראנד־פייערדיגען זאם.

אבער לעווין האט זי ניט געזען. ער איז שוין איצט געווען אין מלחמה מיט דעם בייזען טייוועל, וואס האט זיך ביי אים ערגעץ אין דער ברוסט אוועקגעזעצט און געלאזט אים שטארק זיך פונאנדערהוסטען, כדי אזוי ארום ארויסצורייסען די ברוסט און די לונגען.

פאר אנשטרענגונג זיינען בלויע אדערן ארויסגעשפרונגען אויף זיין שטערן. ער איז געווען אזוי ווייט אוועק אין הוסטען, אז ס׳האט זיך געדוכט, ער איז פאר׳עקשנ׳ט דוקא אט דעם שרעקליכען טייוועל ארויסצושפייען, אז ער איז גרייט צו באצאלען מיט׳ן לעבען, אבי נאר אויף שטענדיג פטור צו ווערען פון דעם אנשיקעניש.

און אט האט דער הוסט אויפגעהערט. דער דאקטער האט זיך מיט ביידע הענט אנגעכאפט אן א שטול. די פים אונטער אים זיינען געווען אונטערגעהאקט. ער האט געציטערט, געווען דערשלאגען נאך דער דאזיגער אנשטרענגונג. ער האט זיך אוועקגעזעצט, אין זיין הייזעריגען אטעמען זיך איינגעהערט און געטראכט וועגען זיך, ווי וועגען א פארפאלענער זאך.

— פאטא־מארגאנא — האט ער ביטער געשמייכעלט.

מיט וועלכער אויסגערעכענטקייט ער גנב׳עט זיך עם אונטער אט דער דאזיגער פאטאלער גאסט און ווי אפט געלינגט אים ארייגצוכאפען דעם קרבן זיינעם אין שטייג, איידער יענער האט צייט געהאט זיך צוצוגרייטען צו געבען א ווידערשטאנד.

לעווין האט אבער געפילט צו האבען א געוויסע איינזעניש ביי אים, ווייל נאך קיין איינמאל איז ער אים ניט באפאלען אין דער צייט ווען ער געפינט זיך צוזאמען מיט א פאציענט.

דער בזיון וואלט זיכער דאן געווען אן אומדערטרעגליכער. א פיינדליכער. אויך האט ער איצט געפילד אי שאנד, אי פארצווייפלונג נעגען זיך אליין, געגען דער אומבאהאלפענקייט אין אים, געגען דער אלטקייט זיינער.

— מיט מיין טויט וואלט איך קענען אפוואשען פון זיך אט די שאנד, אויב איך בין צו עפעס אנדערש אומטויגבאר — האט ער אויסגעשריען אויסער זיך פאר ווייטאג.

לאנג איז ער געזעסען אן איבערגעגעבענער צו זיינע טריבע געדאנקען.

ווען ער האט שפעטער אביסעל געטראכט פון דעם הערינגהענדלערס פרוי און פון מרימ׳ען, האט ער ניט געשפירט שוין קיין יום־טוב מער. נאר ווי ער גרייט זיך כלומר׳שט צו דערגרייכען די גאנצע נידעריגקייט, געמיינהייט, וואס ליגט אונטער דער קאמעדיע פון דערקלערען זיך אין ליבע צו א יונגער מיידעל, וואס איז אנטקעגען זיין מיד לעבען כמעט ווי א קינד.

און ווען לעווינס הארץ איז באהערשט געווארען פון א פיינליך געפיל פון חרטה, האט אין דער אויסגעגאסענער ליכטיגקייט צווישען זיינע ווענט א בלענד געטאן א בראנד־פייערדיגער דונערשלאג, וואס האט אזוי תאוה׳דיג זיך א דריי געטאן פאר אים און איינגעביסען אין זיין הארץ.

דער דאקטער האט זיך א באוועג געטאן, אנגעשטעלט זיינע אויגען אויף דער טיר. האט עמיץ געקלאפט פון דרויסען? ער האט גערופען ארייגקומען. די טיר האט זיך אויפגעמאכט און מרים איז ארייגעקומען.

ער האט געקוקט אויף איר. זיינע אויגען ניט געגלויבט. צו זיינע געדאנקען זיך ניט צוגעהערט, נאר איין געדאנק אזא לופטיגער האט אים אומ׳רחמנות׳דיג געברענט, אז מרים קומט צו אים, כדי אין דער פרי, ווען זי וועט אוועק, זאל זי זען ווי קיינער ווייסט ניט, אז זי איז געווען ביים דאקטער א נאכט. ער האט זיך אויך צו אט דעם געדאנק ניט צוגעהערט כאטש ער האט זיך געלאזט פון אים פארבלענדען און פייניגען, און זיך אויפשטעלענדיג האט ער געבעטען מרימ׳ען זי זעצען.

מרים איז געווען זייער צערודערט, אז זי זאל אננעמען זיין אנבאט זיך צו זעצען. דאס פנים אירם האט געברענט, די האר זיינען געווען ווי ס׳איז צונויפגעכאפט; די ליפען האבען געפלאטערט.

— איך ווייס ניט וואס צו טראכטען. איך בין אזוי איבערגעשראקען — האט זי צערודערט גערעדט. — אין דער פרי איז גאר ניט, נאר איצט . . . און דער טאטע, ווי להכעיס, קומט ניט פון־וועג . . . די יונגערע שוועסטער איז דארט אליין מיט דער מאמען.

און זי האט זיך פונאנדערגעוויינט.

לעווין האט זיך פארלוירען. אומגעשיקט האט ער זי א נעם געטאן ביים האנט, העכער פון עלענבויגען, און גלעטענדיג זי, געסטארעט זיך איינצורעדען איר, אז די מוטער וועט לעבען.

ווי האט זי עס אזוי גוט אים ארייגעקוקט אין די אויגען; איר גאנצער קערפער האט געפלאטערט מיט דורכלויכטענדער דאנקבארקייט. ס׳האט אים פארפעלט אטעם. פארוואס זאל זי ניט פארגעסען די שטארבענדע און בלייבען מיט אים, אט אזוי ווי ער. ער האט דאך זי שוין עטליכע מאל באזוכט. ער ווייסט זיכער, אז זי וועט שטארבען, פארוואס זאל אויך זי, מרים, דאס ניט וויסען?

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

### 2. פּראָזע פאַר קינדער.

### „דער ליטווישער אינגעל“

(אויסצוג פאַר אידישע שולען פון ישראל איסר קאַצאַוויטשס בוך „זעכציג יאָר לעבען“, פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1922.)

די אידישע קינדער־ליטעראַטור האָט ווינציג, צו־ווינציג געזאָרגט זיך די ערשטע צייט פאַר די קינדער, וואָס שטייען שוין אויפ'ן שוועל פון דער יוגענט. אָבער ביסלעכווייז ווערט געשאַפען ביי אונז אַ ליטעראַטור אויך פאַר זיי. עס איז גענוג צו דערמאָנען די שלום־עליכם־ביבליאָטעק „פאַר גרויס און קליין“, די סעריע „פאַר אייך און אייערע קינדער“ פון פאַרלאַג „אידיש“, ניו־יאָרק, די „יוגענט־ביבליאָטעק“ פון דינעזאָן־שול־פאַרלאַג אין וואַרשע, דעם חודש־זשורנאַל פאַר עלטערע קינדער — „דער חבר“ — אין ווילנע.

פאַר די עלטערע שילער פון די אידישע שולען איז באַשטימט אויך „דער ליטווישער אינגעל“ פון י. א. קאַצאָוויטש. אמת, אויך די גרעסערע קינדער וועלען ניט אַליין פאַרשטיין דעם ביכעל, און מען וועט זיי עס מוזען דערקלערען, פאַרטייטשען, אויסטייטשען. דערהויפּט וועט נייטיג זיין די הילף פון די עלטערן אָדער לערער פאַר די אידישע קינדער, וואָס זיינען געבוירען אָדער אויפגעצויגען געוואָרען אין אַמעריקע. פאַר זיי איז דאָס לעבען פון דעם ליטווישען אינגעל, בפרט נאָך פון דעם אַמאָליגען — באמת אַ „פרעמדע וועלט“, ווי דער פּראָפעסער אַליין דריקט זיך אויס אין זיין פאָררעדע. אָבער דווקא דערפאַר, וואָס דאָס איז זיי פרעמד און נישט־באַקאַנט, וועט זיי זיין אינטערעסאַנט און ניצליך צו באַקענען זיך מיט דעם. יע, ביידע זאַכען — אי איינגענעם, אי ניצליך.

איינגענעם, — ווייל דאָס איז געשריבען פון ניט קיין ליטעראַט, וועלכער איז דאָך ליטעראַריש באַגאַבט! דאָס איז זייער אַ גרויסע מעלה. אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער ליידט אָפטמאָל פון מליצה, פון שיין־שרייבעריי, פון אריכות. ה' קאַצאָוויטש איז אין זיינע עראינערונגען זאַכליך, ער דערציילט נאָר פאַקטען, פאַקטען, און אַז ער גיט איבער זיינע איינדרוקען אָדער ער גיסט אויס זיין האַרץ, מאַכט ער עס אויך קורץ און פּראָסט, אָן קונצען, אָן איבעריגע פליטערלאַך. אַזאַ נאַטירליכען, ניט־געפאַרבטען, ערליכען סטיל האָבען קינדער ליב (און אויך דערוואַקסענע מעגען אים ליב האָבען.) נאָר וואָלט דער שרייבער ניט געהאַט קיין ליטעראַרישע פעאיגקייטען, וואָלט זיין שרייבען אפשר געווען רוי, אָן אַ טאַלק, אָן געשמאַק, און מען וואָלט עס אפשר צוליב דעם ניט געדאַרפט געבען לייענען קינדער. אָבער דער פּראָפעסער פון איינער פון די בעסטע אויטאָביאָגראַפיעס, וואָס מיר האָבען אין אידיש, ה' קאַצאָוויטש, האָט, ווי געזאָגט, ליטעראַרישען טאַלענט, כאָטש ער איז ניט קיין שרייבער לויט זיין פּראָפעסיע. דאָס מאַכט, אַז זיין ווערק זאָל זיין אי תמימות'דיג און פריש, אי פול מיט טאַקט און געשמאַק. און עס איז דערפאַר אין אים דאָ מער חן, ווי אין די זכרונות פון פיל געניטע און באַוואוסטע שרייבער. מען רוהט זיך, פשוט, אָפּ, ווען מען לייענט אַ בוך פון דעם מין. מען פילט זיך, ווי ווען מען גייט אַרויס פון די געדיכט באַזעצטע שטאָטישע גאַסען אויפ'ן פרייען פעלד. אַזוי פילען דערוואַקסענע און נאָך מער, מסתמא — קינדער.

אָבער „דעם ליטווישען אינגעל“ איז ניט נאָר געשמאַק צו לייענען, עס איז אויך העכסט ניצליך. עס איז פאַר אונזערע קינדער, דערהויפּט פאַר די, וואָס קענען ניט דעם פאַרצייטיגען אידישען לעבען — אַ שולע. די, וואָס וועלען, אַליין אָדער מיט דער הילף פון עלטערע, דורכלייענען און גוט פאַרשטיין אַלץ, וואָס שטייט אין דעם ביכעל, — וועלען האָבען דורכגעמאַכט אַ קורס פון דעם אַלטען אידישען לעבען. זיי וועלען זיך באַקענען מיט דער פאַרצייטיגער אידישער ערציאונג, מיט אַ סך מנהגים, פירונגען און אינסטיטוציעס פון אַמאָל, מיט די פרנסות פון די אידען אין דער פאַרצייטיגער ליטע, מיט די באַציאונגען, וואָס זיינען געווען צווישען זיי און די גויים . . . דאָס איז באמת אַ לערנבוך פון אידישער קולטור־געשיכטע.

אָבער עס איז ניטאָ אין אים די טרוקענקייט, די אַבסטראַקטקייט און סכעמאַטישקייט פון אַ לערנבוך. עס איז פול מיט לעבעדיגע בילדער און קינסטלעריש־געמאָלענע געשטאַלטען. (עס איז אַ שאָד, וואָס די אילוסטראַציע פון ה' לאַלאַ האָבען ניט אין זיך די לעבעדיגקייט, פרישקייט און קינסטלערישקייט, וואָס זיינען דאָ אין טעקסט.)

צווישען די אַלע געשטאַלטען, וואָס זיינען דאָ אין בוך, איז די רירענדיגסטע און אינטערעסאַנטסטע זיכער די געשטאַלט פון דעם „ליטווישען אינגעל“. צוליב איר אַליין איז ווערט צו לייענען דעם בוך. די סביבה, וואָס אין איר לעבט און ליידט דער ליטווישער אינגעל, איז אַ נאַציאָנאַלע, אַ לאָקאַלע; אויף איר ליגט דער שטעמפּעל פון אַ געוויסער היסטאָרישער עפּאָכע; אָבער די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אינגעל, ווי ה' קאַצאָוויטש האָט זי אונז געגעבען, איז אַזוי אַלגעמיין־מענשליך, זיינע ליידען און פריידען און אַלע זיינע איבערלעבענישען זיינען אַזוי דראַמאַטיש, אַז מיר ווערען כמעט אין יעדען קאַפּיטעל פאַרכאַפּט פון דער עצם דערציילונג, און מיר פאַרגעסען גאָר אינגאַנצען, אַז דאָס זיינען עראינערונגען, בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט. אונז אינטערעסירט ניט בלויז דאָס אידישע, דאָס ספּעציעל־ליטווישע, דאָס היסטאָרישע, נאָר דער ריין מענשליכער גורל פון דעם אָרימען אינגעל. מיר זיינען גערירט פון זיינע ליידען און פון זיין איינגעשפּאַרטען קאַמף מיט די אומשטענדען פון אָרימען לעבען. מיר באַוואונדערן זיין פעסטען כאַראַקטער. ווען ער דערציילט אונז, ווי ער האָט בגנבה געריסען ליידיגע בלעטער פּאַפּיר פון זיין פעטערס איינגעבונדענע ספרים, כדי צו האָבען אויף וואָס צו שרייבען פריער האָט ער זיך געקאָנט לערנען שרייבען נאָר אויפ'ן זאַמד (וואָס אַרום זייער שטוב), אָדער ווי ער האָט קונציג אָפּגענאַרט דעם מנהל פון דער ישיבה, וואו ער האָט געלערנט, כדי צו קאָנען שטילען דעם הונגער, — פאַרשטייען מיר אים און פילען מיט מיט אים. מיר זעען אין דעם ניט קיין „זינד“, נאָר אַ בילד פון טיפער נויט און אַ שטריך פון דעם מענשענס איינגעשפּאַרטען קאַמף מיט דער נויט. מיר ווייסען, אַז אויך די קינדער, ווען זיי וועלען עס לייענען, וועלען עס פאַרשטיין אַזוי און נאָר אַזוי. עס וועט זיי ניט אַרויספירען אויף „שלעכטע“, נאָר, פאַרקערט, אויף איידעלע געדאַנקען. זיי וועלען זיך פרעגען: פאַרוואָס האָט אַט דאָס גוט פייאיג קינד אַזוי פיל געליטען? צו־וואָס האָבען אים נאָך אַנדערע געשטראָפט, ווען ער האָט זיך אַליין אין האַרצען געשטראָפט און ווען ער איז דאָך נאָר פון די אויסערליכע אומשטענדען, ניט פון זיין אייגענעם כאַראַקטער, געטריבען געוואָרען צו טאָן אַזוינע זאַכען, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט טאָן?

די קינדער, וואָס זיינען געוואוינט, אַז מען זאָל שרייבען פאַר זיי אָדער אין אַ שפּילעוודיגען, אָדער אין אַ זיסליכען טאָן און מען זאָל מאָלען פאַר זיי דאָס לעבען אין מעשה'לאַך־פאַרבען, וועלען אומבאַוואוסטזיניגטערהייט זיין אַנטציקט פון דער טיפער אויפריכטיגקייט און וואַרהאַפטיגקייט, מיט וועלכער אַן אַלטער פריינד, אַ גוטער זיידע, דערציילט זיי וועגן זיינע שווערע און

# די אַרבעטער רינג שולען

פון יעקב לעווין

1) פאַרוואָס דער א. ר. האָט געעפענט אידעשע שולען.

ווען די מיטגלידער פון א. ר. זיינען געוואָרען עלטער, איז ביי זיי אנטשטאַנען די פראַגע פון דערציען זייערע קינדער. יעדע משפחה קען נאָר דאַן פאַררעכענט ווערען פאַר א געזונטער, ווען צווישען די עלטערן און די קינדער איז פאַראַן נישט בלויז א פיזישע, נאָר אויך א גייסטיגע פאַרבינדונג. ווען די קינדער פאַרשטייען זייערע עלטערן, נעמען זיי איבער פון זיי זייערע מידות, אידעען און אידעאַלען, זייערע לידער, מעשות און מנהגים, בכלל, זייער קולטור. און נעמען די קינדער איבער די קולטור פון זייערע עלטערן, פילען זיי, אז יענע זיינען ווירדיגע, גייסטיג־רייכע מענשען, און אַכטען זיי; און א כ ט ו נ ג איז די מוטער פון שטענדינער און טיפער ליבע.

ווען די קינדער פאַרשטעהען אָבער ניט זייערע עלטערן, קענען יענע זיי ניט איבערגעבען די גייסטיגע אוצרות. וואָס זיי פאַרמאָגען. זיי בלייבען דעמאָלט פאַר די קינדער פּוסטע מענשען, גייסטיגע אָרימעלייט, ווי אינטעליגענט זיי זאָלען אין דער אמת ניט זיין. וועגען אַכטונג צו זיי קאָן שוין דעמאָלט קיין רייד ניט זיין. און וואו עס איז נישטאָ קיין אַכטונג, קומט זייער לייכט די פ אַ ר אַ כ ט ו נ ג ; און פאַראַכטונג גרעניצט מיט שנאה.

זייער א סך פון די א. ר. מיטגלידער האָבען אזא סאָרט פאַר־אַכטונג און שנאה מצד זייערע קינדער דערפילט אויף זייערע אייגענע לייבער. זייערע קינדער האָבען אָנגעהויבען שעמען זיך מיט זיי, באַזונדערס — שעמען זיך צו דערשיינען צוזאַמען מיט זיי אין אַ עפענטליכען פּלאַץ. זיי האָבען אָנגעהויבען צו קוקען אויף זייערע עלטערן פון אויבען אַראָפּ, ווי אויף נידעריגערע באַשעפענישען, ווי אויף גרינהאָרנס, פול מיט מיאוס׳ע (פון דעם שטאַנדפּונקט פון די קינדער) מידות און אָן די געוואוינהייטען פון דעם דורכשניטליכען אַמעריקאַנער. די קינדער האָבען אויפ־געהערט צו פאָלגען זייערע עלטערן און אָנגעהויבען פאַרשווינדען פון הויז אויף א גאַנצען טאָג און קומען אהיים נאָר צו עסען און צו שלאָפען. די פעדים, וואָס האָבען צוזאַמענגעבונדען די קינדער מיט די עלטערן, האָבען זיך אָנגעהויבען צערייסען. די עלטערן און די קינדער האָבען פאַקטיש אָנגעהויבען צו רעדען אויף צוויי באַזונדערע שפּראַכען, נישט בלויז דערפאַר, וואָס די עלטערן רעדען אידיש און די קינדער ענגליש, נאָר אויך דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך אונטערשיידט אין גאַנצען — לויט זייערע באַ־גריפען און אנשויאונגען, לויט זייערע אָפּשאַצונגען פון דעם, וואָס עס איז גוט און וואָס שלעכט, וואָס עס איז שיין און וואָס מיאוס, וואָס ריכטיג און וואָס פאַלש. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען אין דער הינזיכט אויך פאַראַנען געוויסע קליינע אויס־נאַמען. פאַראַן אויך אַמאָל געזונטע פאַמיליעס. אָבער די דאָ־זיגע אויסנאַמען באַשטעטיגען בלויז דעם כלל.

פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט דער ברוך צווישען די על־טערן און די קינדער? זיין מקור איז אין דער פּ אַ ב ל י ק ־ ס ק ו ל . די פאַמיליע אַליין, און אפילו די גאַס זיינען נאָך ניט גענוג צו דערציען און אויסצובילדען דאָס קינד. דערצו איז נייטיג אַ שול, וואו מענשען, גענוג דערצו פאָרבאַרייטע לערער — זאָלען אין אַ לייכטער פאָרם באַקאַנט מאַכען דאָס קינד מיט די וויכטיגסטע אויפטואונגען און שאַפונגען פון די פריערדיגע דורות, און אין דער זעלבער צייט אַלזייטיג אַנטוויקלען די פייאיגקייטען פון די קינדער.

די שול, אין וועלכער יעדעס אידישע קינד מוז היינט צו טאָג גיין, איז די פּאַבליק סקול. די אַמעריקאַנער פּאַבליק סקול, ווי זי איז איצט, און באַזונדער ווי זי איז אין די צענטרען וואו עס לערנען די אידישע אַרבעטער־מאַסען, גיט די קינדער נאָר קליי־נע ברעקלאַך פון דער ענגליש־אַמעריקאַנער קולטור. זי לערנט בלויז אויס דאָס קינד אַביסעל לייענען ענגליש, א קאָפּ שרייבען און א האָר רעכענען. זי אַנטוויקעלט אויך ניט פיל די פייאיג־קייטען פונ׳ם קינד. דערפאַר אָבער רייסט זי אין גאַנצען אָפּ דאָס אידישע קינד פון זיינע עלטערן. דאָס אידישע קינד באַ־קומט ניט אין דער פּאַבליק־סקול קיין שום באַקאַנטשאַפט מיט דער אידישער שפּראַך, מיט אידישען לעבען, מיט׳ן לעבען פון דער סביבה, פון וואַנען ער שטאַמט, און מיט דער אידישער קולטור, וואָס ער וואָלט אים צונעבונדען צו זיינע עלטערן; דערפאַר אָבער פּלאַנצט מען דאָרט אין אים איין א בליק אויף זיינע עלטערן ווי אויף גרינהאָרנס, וועמעס מאַנירען זיינען כלומר׳שט מיאוס און וועמעס באַגריפען זיינען נאַריש. און דאָס שאַפט מיסאַכטונג צו די עלטערן.

אויסערדעם מאַכט די פּאַבליק־סקול, ווי אַן אינסטיטוציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג, אינגאַנצען ניט באַקאַנט די קינדער מיט דעם לעבען פון די אַרבעטער, אין דער צייט, וואָס די גרעסטע מערהייט פון די קינדער קומען פון אַרבעטער־פאַמיליעס. און איז דאָס נאָך ווייניג — זעט די פּאַבליק־סקול, באַזונדערס לעצטענס, איינצופלאַנצען ביי די קינדער א בליק אויף די אַרבעטער, וואָס קעמפען פאַר א בעסערער אָרדנונג, ווי אויף א שעדליכען עלעמענט אין דער געזעלשאַפט: ווי אויף סטרייקער, געזעצברעכער, רעוואָלוציאָנערען, טומעל־מאַכער. דערמיט רופט די פּאַבליק־סקול פאַקטיש ארויס ביי די קינדער א שנאה צו זייערע אידישע אַרבעטער־עלטערן, וואָס זיינען אַליין סטרייקער, רעוואָלוציאָנערען, סאָציאַליסטען.

די פּאַבליק־סקול גיט זיך אויך ניט אָפּ מיט אַנטוויקלען ביי די קינדער דאָס געפיל פון שיינקייט: מען לערנט דאָרט ווייניג זינגען, שפּילען, טאַנצען, מאָלען א. ד. ג., מען זעט דאָרט ניט צו אַנטוויקלען ביי די קינדער בעסערע מידות און העכערע מאָ־ראַלע אידייען, און די קינדער גייען ארויס פון פּאַבליק־סקול מיט זייער א קליינעם באַגאַזש פון ידיעות און קענטנישען און אין דערזעלבער צייט זייער ווייניג אַנטוויקעלטע סיי מאָראַליש און געזעלשאַפטליך, סיי עסטעטיש.

די איצטיגע פּאַבליק־סקול דערפילט אויף אַזאַ אופן ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין איר אויפגאַבע אַלס שול, אָבער זי מוט

---

גוטע קינדערשע יאָרען. זיי וועלען אים זיין דאַנקבאַר, וואָס ער האָט גאָרנישט ניט פאַרהוילען פון זיי. זיי וועלען זיין צו־פרידען, וואָס ער רעדט צו זיי, ווי א מענש צו מענשען, ווי א גלייכער צו גלייכע. זיי וועלען ארויס געניטערע, באַרייכערטע פון דער וועלט, אין וועלכער ח׳ קאַצאָוויטש האָט זיי אריינגע־פירט. זיי וועלען זיך באַקענען מיט א לעבען, וואָס איז ביז אהער געווען ווייט פון זיי, און נאָך וויכטיגער איז, וואָס זיי וועלען דערזעען (און דאָס איז אפשר דאָס וויכטיגסטע), אז נאָר אויסערליך איז דאָס דאָזיגע לעבען אונז, איצטיגע, פרעמד, אין תוך אָבער איז עס, ווי איצט און ווי אַלעמאָל, פול מיט ליידען און האָפענונגען, נויט און מוט, און ביטערקייט און קאַמף, און ליבע און שטרעבונג, און א דערנעהנטערונג צום מ ע נ ש ־ ל י כ ע ן ל ע ב ע ן איבערהויפּט, ניט נאָר צום פאַרצייטיגען לעבען פון די אידען אין ליטע, וועט זיין פאַר זיי „דער „פּוי־לישער איינגעל״ . . .

עס איז באמת געווען א גליקליכער איינפאַל ארויסצוגעבען פאַר אונזערע עלטערע קינדער דעם ערשטען טייל פון ישראל איסר קאַצאָוויטשעס אויסגעצייכענטער באַשרייבונג פון זיין רייכען און שטאַרקען לעבען. אפילו א שפּראַך, וואָס פאַרמאָגט א ברייטערע קינדער־ליטעראַטור, ווי אונזערע, וואָלט געמעגט שטאָלצירען מיט אזאַ אינהאַלטסרייכען, צונגלייך אי איינפאַכען, אי איידעלען, בוך פאַר קינדער.

בשלמות איר ארבעט פון אָפּרייסען דאָס אידישע קינד פון זיינע עלטערן. (דאָס זעלבע אייגענטליך אויך די קינדער פון די אנדערע איינגעוואנדערטע). און נאָך מער רייסט זי אָפּ דאָס קינד פונ'ם אידישען ארבעטער פון זיינע ארבעטער־עלטערן.

די באוואוסטזיניגע אידישע ארבעטער האָבען פארשטאנען פון וואנען עס נעמט זיך דער ברוך צווישען די קינדער און זיי אליין. זיי האָבען פארשטאנען אָפּצושאצען ווי געהעריג די נעגאטיווע שלעכטע זייטען פון דער אָפיציעלער אמעריקאנער שול. און אין דער פערזאָן פון דעם פארטרעטער פון די אידישע ארבעטער אין אמעריקע, אין דער הינזיכט פון דער זעלבסטהילף און קאָאָפּעראטיווע אונטערנעמונגען — אין דער פערזאָן פון ארב. רינג — האָבען זיי באשלאָסען צו שאפען א שול, וואָס זאָל אין דערזעלבער צייט אי דערגענצען די פּאבליק־סקול, און זיין א געגענגיפט צו איר. דערגענצען דערמיט, וואָס זי וועט געבען די קינדער דאָס, אין וואָס זיי נייטיגען זיך און וואָס די פּאבליק־סקול גיט זיי ניט, און א געגענגיפט נעגען דער שעדליכער ווירקונג פון דער קאפּיטאליסטישער פּאבליק־סקול, אין הינזיכט פון איינפלאנצען אין די קינדער ניט ריכטיגע פארשטעלונגען וועגען דעם ארבעטער און וועגען זיין קאמף פאר א בעסערער צוקונפט.

די דאָזיגע שול איז די א ר ב. ר י נ ג ש ו ל.

## 2) וואָס איז די א. ר. שול?

דער אידישער ארבעטער קען דערווייל ניט האָבען אין אמעריקע קיין שול, וואו זיינע קינדער זאָלען באקומען אלע לימודים אנגעפירט אויף א מאָדערנעם אופן, און וואו אלע דערשיינונגען אין דעם ארומיגען לעבען, ווי אויך די אויסטייטשונג פון פארשידענע געשעענישען, זאָלען באלויכטען ווערען פון דעם שטאנדפונקט פון דעם ארבעטער־קלאס און זאָלען אָפּגעשאצט ווערען אונטער דעם געזיכטס־ווינקעל פון דער נייער סאָציאליסטישער מאָראל. ער מוז זיך דעריבער דערווייל באנוגענען מיט א שול, וואָס זאָל דערגענצען די עקזיסטירענדע פּאבליק סקול, וואוהין ער מוז היינט צו טאָג שיקען זיינע קינדער.

אלס דערגענצונג צו דער פּאבליק סקול, דארף די אידעשע ארב. רינג שול, ערשטענס: באקאנט מאכען דאָס קינד מיט דער קולטור פון זיינע עלטערן, מיט דער סביבה, אין וועלכער ער איז אויסגעוואקסען. די פּאבליק סקול טוט עס ניט און קען עס ניט טאָן. די ארב. רינג שול דארף אויסלערנען דאָס קינד די אידעשע שפּראך, די שפּראך פון זיינע עלטערן, כדי עס זאָל זיך קענען צונויפרעדען מיט זיינע עלטערן און קענען אויף אזא אופן איבערנעמען פון זיי דאָס, וואָס יענע פארמאָגען אין זיך גוטעס, שיינעס, און ווערטפולעס. בלויז דאן, ווען די עלטערן און זייערע קינדער פארשטייען זיך גוט, איז מעגליך, אז די קולטור פון די עלטערן, זייערע אידעאלען, זייערע שטרעבונגען און אידייען זאָלען איבערגיין צו זייערע קינדער, און די לעצטע זאָלען קענען אָט די קולטור פון זייערע עלטערן ווייטער אנטוויקלען און פארזעצען צו שאפען נייע קולטורעלע ווערטען. זי, די א. ר. שול, דארף באקאנט מאכען דאָס קינד מיט די בעסטע טיילען פון דער אידעשער ליטעראטור, וועלכע שפּיגלען אָפּ דאָס לעבען פון די אידעשע ארבעטער און פון די ברייטע אידעשע מאסען, און וועלכע דריקען אויס אויף א קינסטלערישען אופן די בעסטע און שענסטע אידעאלען פון די אידעשע ארבעטער־מאסען. זי דארף זיי באקאנט מאכען מיט דער אידעשער געשיכטע, כדי צו געבען די קינדער א ריכטיגען באגריף, ווי אזוי דאָס איצטיגע אידישע ארבעטער־פאָלק איז אנשטאנען; ווי אזוי עס איז פארגעקומען די גאנצע אנטוויקלונג פון די אידען פון די אמאָליגע צייטען אָן, און ווי אזוי ס'איז מעגליך געוואָרען דאָס אנטשטיין פון דעם אידעשען ארבעטער־קלאס; ווי אזוי האָבען זיך אויסגעבילדעט זיינע שטרעבונגען און אידעאלען, און ווי אזוי ער האָט אָנגעפירט און פירט נאָך יעצט אויך אָן זיין קאמף פאר א בעסערער צוקונפט.

צ ו ו י י ט ע נ ס: די אידעשע א. ר. שול דארף אנטוויקלען ביים קינד דאָס געפיל פון שיינקייט, זיין פייאיגקייט צו באנעמען און פארגעניגען צו האָבען פון אלץ, וואָס איז שיין, כיי אויף דעם געביט פון ליטעראטור, סיי אויפ'ן געביט פון מוזיק, מאלעריי, סקולפּטור, טאנצען א. ד. ג. די פּאבליק סקול גיט זיך במעט אין גאנצען ניט אָפּ מיט דער עסטעטישער אנטוויקלונג פון די קינדער, ווייל אן ארבעטער, וואָס איז אנטוויקעלט עסטעטיש, וואָלט געהאט פיל גרעסערע באדערפעניישען און וואָלט געשטעלט פיל גרעסערע פאָדערונגען, א זאך, וואָס איז פאר די קאפּיטאליסטישע פארזאָרגער פון די סקולס גאָרניט ווינשענסווערט. די אידעשע א. ר. שול גיט זיך דעריבער פיל אָפּ מיט דער עסטעטישער אנטוויקלונג פון די קינדער. זי פירט איין געזאנג פאר אלע קינדער און עפענט קלאסען אין דראמאטישער קונסט, טאנצען, מאלעריי, סקולפּטור, א. ד. ג. אין א סך ערטער ווערען ביי דער א. ר. שול געעפענט ספּעציעלע אָפּטיילונגען פאר אינסטרומענטאלער מוזיק, וואו די קינדער קענען פאר א גאנץ צוגענגליכען פּרייז באקומען לעקציעס אין פידעל, פּיאנאָ א. ד. ג. ביי גוטע לערער. די א. ר. שול האָט דערמיט אין זינען, ערשטענס: צוגרייטען די קינדער, זיי זאָלען שפּעטער בעסער פארשטיין קונסט און קענען געניסען פון איר, און צווייטענס: באמערקען און אויספישען די אלע קינדער, וועלכע האָבען טאלאנט, און אנרעגען זיי, זיי זאָלען זען זייערע טאלאנטען צו אנטוויקלען.

ד ר י ט ע נ ס: די א. ר. שול דארף אנטוויקלען דאָס מענשליכע אינ'ם קינד, אויפהייבען אים העכער אלס מאָראלישע באשעפעניש. די פּאבליק סקול גיט זיך זייער ווייניג אָפּ מיט דער עטישער אנטוויקלונג פון די קינדער און דאָס, וואָס זי טוט, האָט מערסטענטייל א נעגאטיווע באדייטונג. איר אָפּשאצונג פון דעם, וואָס איז גוט און שלעכט, איז א קאפּיטאליסטישע און איז אָפּטמאָל אין פולען געגענזאץ צו דער אָפּשאצונג פון די זעלבע דערשיינונגען פון אן ארבעטער־שטאנדפּונקט. פאר דעם קאפּיטאליסט איז א סטרייק א מיאוס'ע, אוממאָראלישע דערשיינונג, ווייל ער שטערט אים אנצוגיין אומגעשטערט מיט זיין עקספּלואטאציע; און אן ארבעטער־יוניאָן איז אין זיינע אויגען א פארברעכערישע אינסטיטוציע, ווייל זי פּרעטענדירט צו זאָגען א דעה אין דער פירונג פון דער אינדוסטריע. נאָך פארברעכערישער איז אין די אויגען פון די קאפּיטאליסטען יעדע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער־פּארטיי, ווייל זי דראָט צו פארניכטען אין גאנצען די קאפּיטאליסטישע הערשאפט. גאנץ אנדערש קוקען אויף א יוניאָן, אויף א סטרייק און אן ארבעטער־פּארטיי די ארבעטער אליין. דאָס זיינען זייערע אינסטיטוציעס, וועלכע גיבען זיי די מעגליכקייטען צו פארטיידיגען זייערע אינטערעסען איצט און אנצופירען א קאמף אויף איבערצונעמען אין זייערע הענט די גאנצע איצטיגע געזעלשאפט. פאר דעם קאפּיטאליסט איז עקספּלואטאציע א גאנץ געזעצליכע, מאָראלישע און בכבוד'יגע באשעפטיגונג; פאר די ארבעטער — איז דאָס גנבה, ווייל זי רויבט אוועק פון זיי א טייל פון דעם פּראָדוקט פון זייער שווערער ארבעט. אין פּאבליק סקול ווערען די קינדער דערצויגען צו קוקען אויף אלע דערשיינונגען פון ארומיגען לעבען און באזונדערס אויף דעם קאמף פון דעם ארבעטער־קלאס פאר א בעסערער צוקונפט מיט קאפּיטאליסטישע אויגען. די א. ר. שול זעט צו אנטוויקלען ביי די קינדער די מעגליכקייט צו קוקען אויף די אלע דערשיינונגען פון דעם ארבעטער־שטאנדפּונקט און אָפּשאצען זיי אונטער דעם ווינקעל פון דער סאָציאליסטישער מאָראל. זי זעט אויך צו אנטוויקלען די קינדער געזעלשאפטליך, איינפלאנצען אין זיי טיף די פארשטעלונג, אז מענשען זיינען אלע גלייך און טאָרען איינער דעם צווייטען ניט עקספּלואטירען; אז איינער טאָר ניט שטערען א גאנצער גרופּע אָדער א כלל, אז יעדער איינער מוז זען צו ארבעטען צוזאמען מיט אנדערע פאר דעם וואוילזיין פון דער גאנצער גרופּע. צוליב דעם צוועק אָרדענט די א. ר. שול איין קלובען, וואו די קינדער לערנען זיך שוין פון קינדוויז אויף צו לעבען אין א געזעלשאפט פון זייער גלייכען. דורך דער דאָזיגער — עטישער און געזעלשאפטליכער — אנטוויקלונג פון די קינדער איז די א. ר. שול אויסען ניט אזוי פיל דערגענצען די פּאבליק סקול, ווי צו פארריכטען דאָס, וואָס די פּאבליק סקול מאכט קאליע; אויסצוואָרצלען די שנאה, וואָס די פּאבליק סקול וואָרצעלט אָפּטמאָל איין אין די קינדער צו דעם ארבעטער־קלאס און זיינע קעמפער, און אויף זייער אָרט איינפלאנצען ליבע און אכטונג צו דער פרייהייט און צו די אלע, וואָס קעמפען פאר איר.

(ענד פאָלגט)

# מיכה יוסף בערדיטשעווסקי

(אָפּשאַצונג)

פון מיכל איווענסקי

מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, דער אידישער דענקער, וועלכער איז ניט לאַנג געשטאָרבען, האָט אין אידיש ווייניג געשריבען. אין גאַנצען זיינען אַ פּאָר בענדער פון לעגענדען און דערציילונגען פון אים דערשינען אין אידיש. און זיי זיינען, ווי דער אמת איז, וויט ניט פון זיינע בעסטע שאַפונגען. אָבער די באַדייטונג פון בערדיטשעווסקי פאַר דער אַנטוויקלונג פון אידישען געדאַנק טרעט וויט אַריבער די ענגע גרעניצען פון דער העברעאישער ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז געווען פון די אויסגעטיילטע פיגורען. בערדיטשעווסקי איז געווען אַ ברעכער פון אַלטע הייליגטימער און צו דער זעלבער צייט אַ ליידענשאַפטליכער זוכער פון נייע אידעאַלען. די אָפּקלאַנגען פון זיין זוכענדען גייסט לאָזען זיך שטאַרק הערען אין אַלע באַוועגונגען, מיט וועלכע דאָס אידישע לעבען האָט געברויזט פאַר די לעצטע דרייסיג יאָר.

קיין באַשטימטע שיטה האָט בערדיטשעווסקי קיינמאָל ניט געהאַט. זיין כח איז געווען אין שווערע קשיות, וואָס לאָזען זיך ניט אַזוי גיך פאַרענטפערן, און אויב ער האָט שוין געפונען אַמאָל אַ תירוץ אויף געוויסע קשיות, האָט דער תירוץ אים באַפרידיגט בלויז פאַר אַ קורצער צייט: „והדרא קושיא לדוכתא" (און די זעלביגע קשיה בלייבט צוריק). עס האָט אים שטענדיג געמאַטערט, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס, דער „טאָמער"... טאָמער זיינען אַלע אונזערע באַגריפען דורכאויס פאַלש... ער איז געווען, פול מיט ספקות. אָבער נאָך אַלעמען לאָזען ספקות ניט צו, אַז דער געדאַנק זאָל פאַרשימעלט ווערען...

בערדיטשעווסקי האָט אַריינגעבראַכט די „ניטשעאַנסטוואָ" אין דער אידישער ליטעראַטור. ניטשע האָט געפּרעדיגט די איבערשאַצונג פון אַלע באַגריפען פון גוטס און בייז, און בערדיטשעווסקי האָט דעם מעטאָד אַנגעווענדט אין אָפּשאַצונג פון אידישען לעבען. ביי אידען איז פאַרהייליגט געוואָרען דער געפיל פון רחמנות, ביי בערדיטשעווסקין איז אויסגעקומען, אַז ר ח מ נ ו ת איז אַ שוואַכקייט, אַ שקלאַפען־מאָראַל. אַנשטאַט צו זיין גוט, האָט ער געפּרייזט צו זיין שטאַרק. אַלס דעם גרעסטען העלד אין דער אידישער געשיכטע האָט ער באַטראַכט דעם טיראַן הורדוס. צייטענווייז איז ביי אים אויסגעקומען, אַז די גאַנצע אידישע פאַרגאַנגענהייט איז אַן אומפאַרציילכער טעות. „פאַרגעסט אייער פאַרשימעלטען עבר, בויט אייער צוקונפט אויף די באַגריפען פון שיינקייט און כח. פאַרגעסט אייער שקלאַפען־מאָראַל און בויט אייער לעבען אויף די פּרינציפּען פון אימאָראַליטעט!" דאָס איז דער תמצית פון דער נייער תורה, וועלכע בערדיטשעווסקי האָט געפּרעדיגט אין פילע פון זיינע שריפטען. אָבער טראָץ אַלע זיינע שוין צופיל ראַדיקאַלע געדאַנקען איז בערדיטשעווסקי דאָך געבליבען שטיין אין דם קרייז פון אידענטום. ער האָט קיינמאָל פון זיך ניט אָפּגעטרייסעלט דעם שטויב פון אַלטען בית־מדרש . . .

בערדיטשעווסקי איז אייגענטליך אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין די ד' אמות פון בית־מדרש. געבאָרען געוואָרען איז ער ביי אַ טאַטען אַ רב אין פּאָדאָליער גוברניע, און דערנאָך זיך געלערנט אין דער באַוואוסטער וואָלאָזשינער ישיבה, וואו ער האָט זיך שוין יונגערהייט דערוואָרבען גרויסע ידיעות אין תלמוד. נאָך אַלס גאַנץ יונגער מאַן האָט ער אַרויסגעגעבען אַ זשורנאַל פאַר תלמוד'ישע פאָרשונגען מיט דער מיטווירקונג פון גרויסע רבנים. ער איז אַרויסגעטראָטען אויפ'ן ליטעראַרישען געביט מיט באַשרייבונגען פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, אין וועלכע מען האָט שוין געקענט מערקען אַ קינסטלער, אָבער פּלוצלונג איז אַ קריזיס אַריינגעטראָטען אין זיין לעבען. זיינע גאַנצע ידיעות זיינען אים אויסגעקומען צו זיין ווערטלאָז. „ער האָט זיך געגרונטעוועט אין טיף וואַסער און האָט בלויז אַרויפגעבראַכט אַ שאַרבען".

אין איינע פון זיינע שטימונגס־שאַפונגען „להיות או לחדל" (זיין אָדער ניט זיין), באַשרייבט ער ווי אַזוי דער גייסטיגער קריזיס אין אין אים פאָרגעקומען. ער איז אין אַ שיינעם טאָג געגאַנגען שפּאַצירען מיט אַ רב, וועלכער האָט אים דערקלערט אויף וועלכע זאַכען מען דאַרף מאַכען אַ ברכה און אויף וועלכע ניט. „רבי — פרעגט ער — וועלכע ברכה דאַרף מען מאַכען אויף דער שיינקייט פון דער נאַטור?" — „וואָס?" — האָט זיך דער רבי געבייזערט — „דער וואָס קוקט אויף אַ שיינעם בוים אָדער אויף אַ שיינער לאַנדשאַפט און איז מבטל די צייט פון לערנען, פאַרזינדיגט דעם לעבען." די תשובה האָט אים זייער פיל קלאָר געמאַכט: אַזוי גאָר! אויף טרוקענע אַרבעס מאַכט מען אַ ברכה, אָבער צו געניסען פון דער נאַטור איז אַ שרעקליכע זינד . . .

בערדיטשעווסקי האָט דעם תלמוד אַוועקגעוואָרפען. ער האָט זיך גענומען ליידענשאַפטליך שטודירען. אָבער, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס אין איינע פון זיינע דערציילונגען: „זיינען בלויז די ביכער איבערגעביטען געוואָרען. דער לעזער איז געבליבען דער זעלבער — אַ מענש פון ביכער. ער האָט געקראָגען נייע געדאַנקען, אָבער ער איז געבליבען דערזעלביגער פאַנטאַזיאָר — דער מענש, וואָס איז וויט פון ווירקליכען לעבען . . ." אין דער דערציילונג „מחנים", וואָס עס ווערט באַטראַכט אַלס זיין אויטאָביאָגראַפיע, שילדערט ער זיין נייעם לעבען. „פריער איז ער געווען אַ מענש פון טראַדיציע און איצט מאַטערט ער זיך צו פאַרגעסען דאָס, וואָס ער האָט געלערנט אין אַלטען בית־מדרש. ער איז אַרויס פון שקלאַפעריי צו פרייהייט און דער פרייער מענש וואַלגערט זיך אין אַ פינסטערן ווינקעל. ברויט האָט ער ווייניג, אָבער דערפאַר אַ סך ביכער."

בערדיטשעווסקי איז געווען אַ פאָרשענדער גייסט, וואָס האָט געוואָלט דערגיין אַלע סודות פון דער נאַטור. זייענדיג אַ קינסטלער האָט ער געזוכט נאָר שיינקייט. ער האָט דאָס געזוכט אין חסידות, אַלטע לעגענדען, א. אַז. וו. די וואָכעדיגע וועלט איז פאַר אים געוואָרען פרעמד. זיינע גאַנצע ווערק זיינען פול מיט בענקענישען. ער האָט שטענדיג געבענקט נאָך עטוואָס גרויסעם און הויכעם. ער האָט געזוכט און ניט געפונען.

# אַ צויבערפולע נאַכט

פון מאַמעס ל.

נאַכט דו ליבע, אַ, צויבערפולע נאַכט!
אין דיינע שטונדען שטילע וואָלט איך אימער אַזוי פאַרטראַכט
געזעסען, און געקוקט אין דיין טיפער, בלויער טיף;
עס באַצויבערט מיך, ס'פאַר'שכור'ט מיך דיין צאַרטע, מאַטע ליכט
און ס'ציט מיך צו דעם הימעל־רוים דיין הייליג־בלאַס געזיכט;
און שטיל, אַ, נאַכט פאַרחיל!

איך וויל אַזוי פאַרטראַכט איינדרימלען ביי דעם זוים
פון דיין בלוי־זיידען, ווייך־געבעלדיגער קלייד.
באַשטראַל מיך נאַכט.
און מיט דעם בלאַסען שימער פון דיין פערל־זילבער ליכט
פאַרשטיינער מיך
צו אַ דענקמאָל פון ווייסען מאַרמאָר גלייך:
וואו איך זיין פאַרטראַכט, קוק אין דיין טיף־בלויען הימעל,
אַ, צויבערפולע נאַכט!

# די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין 1921

פון אהרן סטאָלינסקי

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג לעבט איצט דורך אַ גאַנץ מערקווירדיגע פּעריאָדע — אפשר די מערקווירדיגסטע דורך איר גאַנצער געשיכטע. ביז צום אויסברוך פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבען די קאָאָפּעראַטיווען קנאַפּ־וואָס זיך אינטערעסירט מיט פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגען. זיי זיינען, מיט קליינע אויסנאַמען, כמעט שטענדיג געווען פאַרנומען מיט'ן געדאַנק ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן זייערע געשעפטען. „דער אינהאַלט איז אַ דירעקטער פּראָדוקט פון דער צאָל", האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט אַ באַוואוסטער קאָאָפּעראַטאָר, „און מיר דאַרפען דעריבער זען צו וואַקסען אין וואָס גרעסערע נומערן". אָט דאָס איז געווען דער לייט־מאָטיוו פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. סאָציאַלע פּראָבלעמען און פּאָליטישע אידעאַלען — ניין, דאָס איז ניט פאַר אונזער באַוועגונג.

איז אָבער געקומען די גרויזאַמע מלחמה און האָט געמאַכט אַ סוף צו דער קאָאָפּעראַטיווער אידיליע, פון זיין אַ וועלט פאַר זיך אַליין. די מלחמה האָט אַרויסגערוקט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין פאָדערגרונט פון סאָציאַלען לעבען. כמעט איבער־נאַכט איז פון די איינצעלנע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען געוואָרען אַ פאָלקס־מאַכט. אין יעדען לאַנד האָבען די ברייטע מאַסען שנעל באַגריפען דעם ווערט פון קאָאָפּעראַציע, הויפּטזעכליך אין צייט פון אַ פאָלקס־נויט. אַזוי, למשל, זען מיר, דאָס דורך דעם ערשטען יאָר, וואָס די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, זיינען אין ענגלאַנד אַליין צוגעקומען 176,750 נייע מיטגלידער צו די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, בעת דער דורכשניטליכער צווואוקס פון מיטגלידער פאַר די לעצטע 40 יאָר האָט באַטראָפען בלויז אַרום 70 טויזענט. אָבער נאָך אַ פילגרעסערן פּראָגרעס האָבען געמאַכט די קאָאָפּעראַטיווען אין אַנדערע לענדער.

און קומענדיג פנים לפנים מיט'ן עפענטליכען לעבען און אָנהייבענדיג צו פאַרנעמען יענע סאָציאַלע פּאָזיציע, וואָס זיי האָבען שוין לאַנג באַדאַרפט פאַרנעמען, האָבען די קאָאָפּעראַטיווען זיך אָנגעהויבען אַרומצוזוען, וואָס פאַר גוואַלדינע טעות, יאָ, כמעט פאַרברעכען, זיי זיינען באַגאַנגען מיט דעם, וואָס זיי האָבען ביז איצט געשפּילט אַן אָפּאָרטוניסטישע ראָלע, ניט נעמענדיג קיין אַנטייל אינ'ם עפענטליכען לעבען, כמעט אינגאַנצען צונישט מאַכען דעם סאָציאַלען באַדייט פון זייער באַוועגונג. און גאַנץ באַזונדערס האָבען דאָס באַגריפען די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען, גראָד די יעניגע, וואָס האָבען אַם שטאַרקסטען געפּרעדיגט דעם געדאַנק, אַז די קאָאָפּעראַציע דאַרף זיין אַ ריין עקאָנאָמישע באַוועגונג, וואָס דאַרף זיך ניט מישען אין קיינע פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע פּראָבלעמען. וואָרים די ענגלישע רעגירונג, צוזאַמען מיט אַלע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, האָבען געטאָן אַלעס מעגליכע, כדי צו שטערען די קאָאָפּעראַטיווען אויף טריט און שריט. זיי האָבען פּשוט מורא געהאַט פאַר איר קאָלאָסאַלען וואוקס. ניט האָבענדיג קיין פאַרטרעטער אין פּאַרלאַמענט אָדער אין דער מלוכה־מאַשין, וואָס זאָלען זיך פאַר זיי אָננעמען, און זייענדיג בכלל פרעמדלאַך מיט אָרגאַניזירטע טיילען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, — האָבען די קאָאָפּעראַטיווען איינגעזען, וואָס פאַר אַ גרויסען טעות זיי זיינען באַגאַנגען מיט זייער ביז איצטיגער אָפּאָרטוניסטישער טאַקטיק. אָבער צופיל האָט זיך דער אָפּאָרטוניזם שוין געהאַט איינגעגעסען אין זייערע ביינער, אַז זיי זאָלען איבער נאַכט אינגאַנצען זיך קענען באַפרייען פון זייער קלייזועל־פּאָליטיק. אַזוי, למשל, זען מיר, דאָס אין 1917 האָבען זיי געגרינדעט אַן איינענע פּאָליטישע קאָאָפּעראַטיווע פּאַרטיי, אַנשטאַט זיך אָנצושליסען אָן ליייבאָר פּאַרטי, ווי דאָס האַלט איצט אין מקוים ווערען.

אין ווי נאָר דער וואַפענשטילשטאַנד איז אונטערגעשריבען געוואָרען, זיינען די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען געווען די ערשטע אַרויסצולאָזען אַ רוף וועגען אַן אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס, כדי אויפצושטעלען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אויף יענעם הויך, וואָס זי האָט שוין לאַנג באַדאַרפט פאַרנעמען. און די לעצטע וואָך אין אויגוסט פון היינטיגען יאָר איז ענדליך אַזאַ קאָנגרעס פאָרגעקומען אין באַזעל, שווייצאַריע. דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס איז בלי־ספק די וויכטיגסטע פּאַסירונג פון היינטיגען יאָר אויפ'ן קאָאָפּעראַטיווען געביט און מיר ווילען זיך דעריבער אויף אים דאָ אַביסעל לענגער אָפּשטעלען, ווייל אין אים שפּיגעלט זיך אָב די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין איר גאַנצען גרויס און אומפאַנג.

* * *

דער צענטער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין אויגוסט, 1921, אין באַזעל ווערט גערעכענט אַלס דער גרעסטער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס, וואָס איז ביז איצט פאָרגעקומען. אין אים האָבען אַנטייל גענומען קאָאָפּעראַטיווען פון כמעט אַלע לענדער, אַרומנעמענדיג אַן ערך 30 מיליאָן קאָנסומערס. דער דאָזיגער קאָנגרעס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען פון „דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער אַליאַנץ". אָבער ווער איז די אַליאַנץ?

דער ערשטער פאַרזוך צו גרינדען אַן אַליאַנץ, אַן אינטערנאַציאָנאַלען פאַרבאַנד פון אַלע קאָאָפּעראַטיווען, איז געמאַכט געוואָרען ביים ענגלישען קאָאָפּעראַטיווען קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּליכוט, אין יאָר 1886, אָבער עס האָט גענומען פילע 10 יאָר ביז וואַנען די אַליאַנץ האָט אָנגענומען אַן אמת אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער.

די אַליאַנץ נעמט אַרום די צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס פון 20 פאַרשידענע לענדער און אויך פון 5 קלענערע שטאַטען, וואָס האָבען געקראָגען זייער אומאָפּהענגיגקייט אַ דאַנק דעם ווערסאַילער שלום. די הויפּט־אויפגאַבען פון דער אַליאַנץ זיינען: „צו באַשאַפען נאָענטע האַנדעלס־פאַרבינדונגען צווישען אַלע קאָאָפּעראַטיווען אין דער וועלט; פאַרשפּרייטען דעם קאָאָפּעראַטיווען געדאַנק אין וואָרט און טאַט; פאַרביימען פּריוואַט־אייגענטום אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלען קאָאָפּעראַטיווען שטאַט, וואָס קאָן דערגרייכט ווערען דורך דער שנעל־וואַקסענדער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג." מען קען נאַטירליך האָבען פאַרשידענע מיינונגען איבער דעם, אַז די קאָאָפּעראַטיווע קאָנסום־ און פּראָדוציר־פאַראיינען אַליין וועלען זיין אימשטאַנד אָפּצושאַפען פּריוואַט־אייגענטום; עס קאָן אָבער גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט אַ שטאַרקען חלק אין דער דערנענטערונג צו דעם דאָזיגען אידעאַל.

דער גענעראַל־סעקרעטער פון דער אַליאַנץ, צוזאַמען מיט'ן הויפּט־אָפיס, געפינט זיך אין לאָנדאָן. די אַליאַנץ גיט אַרויס אַ מאָנאַטליכען בולעטין אין ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש. וואו פילע אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע פּראָבלעמען ווערען ברייט פאַרהאַנדעלט. גאַנץ אָפט רופט זי אויך צונויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע קאָנגרעסען, וואָס האָבען שטענדיג אַ גאַנץ ערנסטע באַדייטונג פאַר דער באַוועגונג.

די העכסטע שטופע פון אינטערנאַציאָנאַלער באַדייטונג האָט די אַליאַנץ דערגרייכט ביי איר 9טען קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין גלאַזגאָוו אין 1913. דאָרט זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרען באַדייטענדע ענדערונגען אין דער אַליאַנץ'ס קאָנסטיטוציע און עס איז צום ערשטען מאָל געמאַכט געוואָרען פּראַקטישע פאַרזוכען גלייך אָנצופאַנגען אינטערנאַציאָנאַלע האַנדעלס־פאַרבינדונגען צווישען אַלע קאָאָפּעראַטיווען אין דער וועלט.

ביים גלאַזגאָווער קאָנגרעס האָבען 600 דעלעגאַטען פאַרטראָטען 20 פאַרשידענע נאַציאָנען. לויט דעם אָפיציעלען רעפּאָרט צום קאָנגרעס זיינען אָן דער אַליאַנץ דענסמאָל געווען אָנגעשלאָסען איבער 55 צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע פאַרבאַנדען און 3,871 אינדיווידועלע געזעלשאַפטען, ביישטייערענדיג אַ

סומע פון אַן ערך 15 טויזענט דאָלער אַ יאָר. ביי דעם זעלבען קאָנגרעס זיינען אויך געמאַכט געוואָרען עטליכע פּראַקטישע פאַרזוכען אונטערצוגראָבען די אמת'ע אורזאַכען פון מלחמות, דורך דער באַשאַפונג פון אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע האַנדעלס־מערק. אָבער איידער די קאָאָפּעראַטאָרם האָבען געהאַט אַ געלעגענהייט, דורכצופירען כאָטש אַ טייל פון זייערע אינטערנאַציאָנאַלע פּלענער, האָט די וועלט־מלחמה אויסגעבראָכען.

דער אמת אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג האָט זיך אַרויסגעצייגט אין דער צייט פון דער מלחמה. דורך דער צייט, וואָס כמעט אַלע אינטערנאַציאָנאַלען האָבען זיך אויפגעלייזט, בעת אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטער פון יעדען לאַנד האָבען געגאָסען פּעך און שוועבעל אויף די אַנדערע לענדער, איז די אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע אַליאַנץ אפשר געווען די איינציגע, וואָס האָט געטאָן אַלס מעגליכעס, כדי אָנצוהאַלטען פריינדליכע באַציאונגען צווישען די קאָאָפּעראַטיווען פון די מלחמה־לענדער.

אין דער צייט, וואָס די דייטשען האָבען געזונגען זייער „גאָט שטראָפע ענגלאַנד", האָבען די ענגלישע פירער פון דער אַליאַנץ געשטיצט די דייטשע אויסגאַבע פון איר אָפיציעלען אָרגאַן „דהי אינטערנעישאָנאַל קאָאָפּעריטיוו בולעטין", וואָס איז דאַן אַרויסגעגעבען געוואָרען אין האָלאַנד. בקיצור: די אַליאַנץ האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין אַן אמת'ע אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט.

באַלד נאָך דעם וואַפענשטילשטאַנד האָט די אַליאַנץ זיך ווידער גענומען דורכפירען די באַשלוסען פון גלאַזגאָוער קאָנגרעס — צו באַשאַפען אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל געזעלשאַפט און נענטערע פאַרבינדונגען צווישען די קאָאָפּעראַטיווען. עס איז שוין וועגען דעם אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ היבשע צאָל קאָנפערענצען און באַראַטונגען. געוויסע פּראַקטישע אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען צווישען קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען זיינען זאָגאַר שוין—איצט פאַראַן. אָט זיינען עטליכע: די סקאַנדינאַווישע האָלסייל סאָסייעטי נעמט אַרום אַלע צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווען פון נאָרוועגען, שוועדען און דענמאַרק. די איטאַליענישע קאָאָפּעראַטיווען האָבען דאָ ניט לאַנג צוריק געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט דער סאָוויעטען־רעגירונג און קאָאָפּעראַטיווע פאַרשטייער פון רוסלאַנד, פאַר אַ געגענזייטיגען אויסטויש פון פאַרשידענע סחורות און פּראָדוקטען. פון פאַרשידענע באַריכטען דערוויסען מיר זיך, אַז עס ווערט איצט אויך פאַרהאַנדעלט אַ פּלאַן וועגען עטאַבלירען אַ סלאַווישע אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע באַנק.

דער צענטער אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַטיווער קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען היינטיגען יאָר, האָט אַרויסגעצייגט מער אינטערנאַציאָנאַליזם ווי אַלע ביז איצטיגע קאָנגרעסען. פון דעם גייסט און באַשלוסען פון'ם קאָנגרעס האָט מען קלאָר געקענט זען, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט אויך אונטער זיך גאַנץ ראַדיקאַלע קערנער, הגם די מאַיאָריטעט ווערט אַלץ נאָך באַהערשט פון'ם קליינבירגערליכען גייסט — פון מאַכען „דיווידענדען" און גרויסע געשעפטען. דער פאַקט אַליין, דאָס פון די 12 הונדערט דעלעגאַטען, וואָס האָבען פאַרטראָטען 30 מיליאָן קאָנסומערס פון 25 פאַרשידענע לענדער, האָבען 774 געשטימט, דאָס מען זאָל צולאָזען די רוסישע דעלעגאַטען צום קאָנגרעס און צענטראַל־קאָמיטעט — דער דאָזיגער פאַקט אַליין צייגט גענוג קלאָר, וואָס פאַר אַ ווינטען עס הייבען אָן צו בלאָזען אין דער פאַרביזנעוועטער באַוועגונג. וואָרים דער דאָזיגער אַקט האָט אייגענטליך געמיינט, ווי עטליכע דעלעגאַטען האָבען דאָס אָנגעוויזען, אַן אינדירעקטע אַנערקענונג פון די סאָוויעטען־רעגירונג. פון די וואַלען פון'ם צענטראַל־קאָמיטעט פון דעם אַליאַנץ האָט מען אויך געקענט אַרויסזען דעם דאָזיגען נייעם גייסט. אין אים זיינען אַריינגעגאַנגען אַ היבשע צאָל באַוואוסטע סאָציאַליסטען, צווישען זיי אויך ל. קראַסין פון רוסלאַנד און דר. דזש. פּ. וואָרבאַס פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

פון די וויכטיגסטע רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען ביים קאָנגרעס, זיינען באַזונדערס ווערט צו דערמאָנען די פאָלגענדע: עס זאָלען גלייך באַשאַפען ווערען די מיטלען, וואָס זאָלען דערנענטערען די פאַרווירקליכונג פון קאָאָפּעראַטיווען אידעאַל — די גרינדונג פון אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָפּעראַטיווע האָלסייל געזעלשאַפט, וואָס זאָל איינקויפען און אויסטוישען פּראָדוקטען פאַר די קאָאָפּעראַטיווען פון אַלע לענדער; אין פאַל פון נאָך אַ מלחמה, זאָלען די קאָאָפּעראַטאָרם זיך ניט מער באַגנוגענען מיט פּוסטע דיסקוסיעס, ווער עס איז דער אָנפאַלער און ווער עס איז דער פאַרטיידיגער, נאָר אַז זיי זאָלען אונטער אַלע אומשטענדען זען די מלחמה אָפּצושטעלען; די קאָאָפּעראַטיווען מוזען אַרבעטען האַנט־אין־האַנט מיט די טרייד־יוניאָנס און אַלע אַרבעטער־ססכסוכים וואָס קומען פאָר אינערהאַלב דעם קאָאָפּעראַטיוו דאַרפען געשליכטעט ווערען פון אַן אַרביטריישאָן קאָמיטעט, באַשטייענד פון קאָאָפּעראַטיוו, טרייד־יוניאָן און די פּאַרטיי; די קאָאָפּעראַטיווען פון אַלע לענדער ווערען אויפגעפאָדערט צו העלפען די הונגער־ליידענדע רוסלאַנד; עס זאָלען געשאַפען ווערען נאָענטע פאַרבינדונגען צווישען אַלע קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט בענק, א. אז. וו.

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג לעבט איצט דורך די אינטערעסאַנטסטע פּעריאָדע אין איר געשיכטע. און וואָלט זי פאַרמאָגט גענוג אידעאַליסטען און מער ראַדיקאַלע פירער, וואָלט זי זיכער גלייך פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער פריער אָדער שפּעטער וועט די קאָאָפּעראַציע מוזען פאַרנעמען די דאָזיגע פּאָזיציע. דאָס איז ניט קיין נביאות, נאָר אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע נויטווענדיגקייט, ווי מיר זען דאָס שוין קלאָר אין רוסלאַנד, בעלגיען און איטאַליען, און אין אַ קלענערען מאַסשטאַב אויך שוין אין מאַנכע אַנדערע לענדער.

אין יאָהר 1921, אַלזאָ, זיינען געמאַכט געוואָרען עטליכע ערנסטע פאַרזוכען צו בויען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, ניט נאָר בלויז אין דער הויך און אין דער ברייט, נאָר אויך אין דער טיף.

---

# מיר

פון יצחק ראָנטש

אויף אונזערע חורבות
שדים הוליען, טאַנצען;
מייזישע אייגעלאַך
פינקלען גרין און גלאַנצען . . .

און מיר פאַרלאָרענע —
איבער וועלטען שפּרייזען;
טוליען זיך דערפראָרענע
צו אַ וואַנט פון אייזען . . .

אין צום האַרצען דריקען מיר
אונזער הייליג גלויבען;
און די ליפּען אונזערע —
בענטשען, ליבען, לויבען . . .

# ביבליאָגראַפיע

## ז. ווייִנפּער:

### וועגען מלך ראַוויטשס „נאַקעטע לידער“

(אַרויסגעגעבען פון פאַרלאַג קוואַל, ווין, 1921, צו באַקומען אין אַלע בוכהאַנדלונגען.)

וואָס איז דער דיכטער? — פרעגט ראַוויטש און ענטפערט זיך אַליין, אַז דער דיכטער איז די לעצטע טרייסט פון אַ פאַרלאָזענער, אַלטער מוטער, דער זונה'ס פינקלענדיגער, שלאַנקער האָפענונגס־כּוס. ער איז אויך דאָס געוויסען פון דער וועלט, וואָס שפרינגט אום דורך נעכט אויף די בלעכענע דעכער און לייכט אינ'ם ווייסען, נאַכטיגען ליכט. וואָס איז דער דיכטער? — פרעגט ער ווייטער נאָכאַמאָל און ענטפערט זיך ווידער, אַז דער דיכטער איז דער שופט פון דער וועלט. מיט פאַרצוייגענע ברעמען און צוזאַמענגעדריקטע ליפען צעשניידט ער די נשמה פון דער וועלט און טראָגט אַרוים משפטים, וועלכע שפּרעכען פריי די בלוטרופענדיגע בני־מלכות צוגלייך מיט גנבים און גזלנים. דער דיכטער איז אויך די פרייד פון דער וועלט, די רעוואָלוציע פון דער וועלט און צוגלייך מיט זיי אויך דער צונויפגעקאָרטשעטער וואָרעם אויף דער ערד.

און דאָך, ווען מען וויל געפינען דעם שליסעל צו ראַוויטשס נאַקעטקייט, זאָל מען אים זוכען דווקא אין אַן אַנדער ליד מיט'ן נאָמען: „מאַמע ערד„. אַ באַלאָדענער מיט'ן אָנבליק פון זעבסטמערדער, וואָס ליגען מיט אויפגעריסענע בייכער אין אַ טויטען־קאַמער פון אַ שטאָטישען שפיטאָל, קומט ער צו דער מאַמע ערד אַ טרייסט צו געפינען.

> ווער דען זאָל טרייסטען אין דער שעה פון דער נויט
> מאַמע ערד?
> מיין קול איז הייזעריג, מיינע אויגען רויטע
> פון געשריי. גיב מיר אַ קבר פאַר די טויטע
> פון היינט און פון אַלע מיינע יאָרען
> פאַר טאַטע־מאַמע, פאַר פריינד, פאַר ברידער און
> פאַר קינדער.

דורכ'ן ליד „מאַמע ערד“ זעען מיר דעם גאַנצען כאַראַקטער פון מלך ראַוויטשס נאַקעטען שאַפען. ווי די נאַקעטקייט פון דער עויד, ווען זי באַפרייט זיך פון דער גרינער זומערדיגער באַוואַקסענקייט און דער שנייאיגער ווייסקייט אין ווינטער, אַזוי איז דאָס ליד פון מלך ראַוויטש. ניטאָ קיין אויבענאויפיגע צופוצונגען. קיין פּאָעטישע קרוזשעוועס, וועלכע זאָלען מיט זייערע פיינע שפּילעוודיגע שפּיצען דעם אמת פאַרדעקען, נאָר דורך און דורך נאַקעט און אמת און אויפריכטיג.

און דאָ ווערט אונז קלאָר און פאַרשטענדליך די נאַכלעסינקייט פון ראַוויטשס פאָרם. נאָך מער, זיין פאָרמלאָזיגקייט ווערט אין אונזערע אויגען די איינציגע פאָרם פאַר זיין נאַקעטער אויפריכטיגקייט. וואָרים, ווי דען זאָל ער זינגען אין זיין הערליכען ליד: „הימנוס צו דער רוסישער שפּראַך“, אויב ניט:

> באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, גייען דיינע לאַנגען
> און וועגען זיך אין בלאָע, רויטע, ווייטע בליטען
> פול מיט אינערליך געזאַנג.

די אין אַן אַנדער מערקווירדיג ליד: „דער מאַן פון פאָלק“, וואו ער רעדט וועגען אים מיט אַזאַ פשטות און איר פילט דאָך אַז דאָס איז ניט קיין זשורנאַליסטיק, נאָר אַ טיפער, דאָפּעלדיגער נשמה־ציטער פון אַן אמת'ן פּאָעט.

אונזער גאַנצע נייע אידישע פּאָעזיע גייט אויפ'ן וועג פון נאַקעטקייט און פשטות, אָבער די מערסטע פון אירע אַפּאָסטאָלען שרעקען זיך פאַר אָט דער שוין אפשר צו נאַקעטקייט פון ראַוויטשס שאַפען, וועלכע דערגרייכט אָפּטמאָל צו אַן אמת'ן ליגען. אָבער ראַוויטש איז מיט זיין אמת'ן ליגען ערגעץ וואו דערגאַנגען און אויף זיין אָרט שטייט ער אַליין מיט דעם גאַנצען אמת און ליגען פון זיין שאַרף־אויסגעשפּראָכענער פּערזענליכקייט, און געבענטשט זאָל ער זיין דאָרט, וואו ער איז.

## י. ב. סאַלאַמאַנדראַ:

### וועגען „אייערע ציין און אייער געזונט“

פון דר. אַלבערט פּאַרלין, אַרויסגעגעבען פון סעמועל סטאַסעל, 1516 נ. וואַשטענאַו עווענו, שיקאַגאָ. פּרייז 40 סענט.

דאָס ביכעל פילט אויס, אָן ספק, אַ ליידיגען פּלאַץ אין דער אידישער היגיענישער ליטעראַטור, וואָס איז בכלל זייער אָרעם. דער מחבר, דר. פּאַרלין, האָט זיך געשטעלט מיט זיין ביכעל דעם ציל אָפּצושאַפען די אומוויסענהייט, וואָס עס עקזיסטירט ביי אונזער ברייטען עולם אין באַצוג צו די ציין און זייער שייכות צו אַנדערע קראַנקהייטען. אין אַ לייכטער און פּאָפּולערער שפּראַך גייט ער דורך מיט'ן לעזער עטליכע קאַפּיטלען וועגען דער אַלגעמיינער היגיענע פון מויל און די ראָלע וואָס אָט דער וויכטיגער אָרגאַן פון מענשען שפּילט אין פאַראורזאַכען אַנדערע קראַנקהייטען.

דער מחבר האָט געפונען פאַר נייטיג אָפּצוגעבען אַ ספּעציעלען קאַפּיטעל צו דער פראַגע ווי צו האַלטען ריין אַ צאָנבערשטעל. דאָס קוקט אפשר אויס צו פשוט און קינדערש אויפ'ן ערשטען בליק, אָבער דער לעזער זעט זיך גלייך אַרום, אַז דאָס איז ניט אַזוי איינפאַך ווי ער האָט פריער געקענט מיינען. אינטערעסאַנט און גאַנץ ניי פאַר'ן ברייטען עולם איז דער קאַפּיטעל וועגען ציין און שוואַנגערשאַפט און דער קאַפּיטעל „קינדערשע ציין“. דער לעצטער קאַפּיטעל איז וויכטיג פאַר יעדער מוטער וואָס האָט קליינע קינדער, און איבערהויפּט אין דער צייט, ווען עס בייטען זיך די ציינדלאַך.

אויך די אַנדערע פראַגען, וואָס דער מחבר פאַרהאַנדעלט אין דעם ביכעל, ווי — צעפוילטע ציין און פּייאָריאַ, מיטלען ווי אַזוי אויסצומיידען ציין־קראַנקהייטען א. א. וו., ווערען באַשריבען לייכט און לעבעדיג און קענען פיל העלפען אין דער אויפקלערונג פון ברייטען עולם איבער די וויכטיגע פראַגען פון ציין־געזונטהייט.

דאָס ביכעל איז אויך שיין אילוסטרירט און געדרוקט אויף אַ שיינעם פּאַפּיר. דער פּרייז 40 סענט איז אַ ביסעל צו הויך, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז דאָס ביכעל איז באַשטימט פאַר דער ברייטסטער פאַרשפּרייטונג. עס איז צו האָפען, אַז דער פאַרלעגער וועט איינזען, צו דער צווייטער אויפלאַגע און פאַרקלענערען דעם פּרייז. איבעריגענס, וועלען אָרגאַניזאַציעס באַקומען אַ רעדוצירטען פּרייז, אַזוי גוט ווי בוכהאַנדלונגען.

---

נייע ביכער דערהאַלטען אין רעדאַקציע:

1) צוויי בענדער שריפטען, פון י. ש. פּרענאָוויץ (פּראָזאַ און לידער).

2) דאָס שפּיל־בוך, פון י. שטיינבוים (פאַר קינדער־שפּילען אין שול און היים).

3) ביי דער גרעבליע, פון ז. וויינפּער (אַ לידער־זאַמלונג).

---

### אַן אויפרוף צו אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס וועגען אידישע ביכער פאַר רוסלאַנד און אוקראַינע

די אידען פון רוסלאַנד זיינען די לעצטע יאָרען דורכגעגאַנגען די שרעקליכסטע ליידען: גירושים, פּאָגראָמען, הונגער און נויט. עס איז ניטאָ קיין איינציגע אידישע פאַמיליע, וואָס האָט ניט געליטען פון דעם מורא'דיגען היסטאָרישען קריזיס. אָבער די אידישע מאַסען זיינען ניט געוואָרען פאַרצווייפעלט אין די פינסטערע צייטען, און אומעטום, וואו עס איז נאָר געווען די קלענסטע מעגליכקייט, האָבען זיי געבויט אידישע שולען, ביבליאָטעקען, קלובען, פאָלקס־הייזער, פאָלקס־אוניווערזיטעטען, און אומעטום האָבען זיי געשטרעבט זיך אויפצוהייבען אויף אַ העכערער קולטורעלער מדרגה און געזוכט צו דערציען די קינדער פאַר פרייע מענשען און פרייע אידען, קינדער פון אַ שענערער מענשליכער צוקונפט.

אָבער גרויס זיינען די שטרויכלונגען אויפ'ן וועג פון די אידישע מאַסען, אויפ'ן וועג צו אַ העכערער קולטור. דאָס לאַנד איז פאַראָרעמט, די עקאָנאָמישע לאַגע איז זייער שווער. אפילו ביים בעסטען

וויל'ען איז ניט מעגליך צו באַשאַפען אין רוסלאַנד גענוג ביכער, גענוג לער־מאַטעריאַלען צו באַפרידיגען די באַדערפניש פון די מאַסען. די אידישע לאַגע איז נאָך ערגער דערמיט, וואָס ס'איז ניט געבליבען פון פאַר דער רעוואָלוציע קיין גרויסע צאָל לערביכער, ווייל עס זיינען דעמאָלט געווען ווייניג אידישע שולען, און די אידישע לער־ליטעראַטור האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו אַנטוויקלען. די לעצטע פיר יאָר איז אָבער אויסגעוואַקסען אַ גרויסע צאָל אידישע שולען און אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטען, וואָס פאָדערן ביכער. די אידען פון רוסלאַנד זיינען איצט הונגעריג נאָך ביכער ניט ווייניגער ווי נאָך ברויט, און אפשר איז דער גייסטיגער הונגער נאָך אַ סך גרעסער ווי דער מאַטעריעלער . . . .

נאָר מיר, אַמעריקאַנער אידען, קענען העלפען אין דער איצטיגער עת־צרה. אונזער הילף מוז זיין אַ בויענדע, קאָנסטרוקטיווע, וואָס העלפט ניט אויף איין מינוט, נאָר אויף שטענדיג. די בעסטע קאָנסטרוקטיווע הילף איז ביכער פאַר שולען און אַנדערע קולטורעלע אַנשטאַלטען.

כדי צו העלפען די אידען אין זייער גרויסער קולטורעלער נויט, האָבען די אידישע שרייבער פון דער שטאָט ניו־יאָרק געגרינדעט אַ קאָמיטעט צו שאַפען ביכער פאַר די אידען פון רוסלאַנד. אין דער גרינדונג האָבען זיך באַטייליגט די פאָלגענדע קינסטלער:

דוד איגנאַטאָוו, מ. אָלגין, י. אַפּאַטאשו, שלום אַש, י. ב. ביילין, ב. גלאזמאן, מ. גלאַניק, מ. ל. האַלפּערן, יצחק אייזיק הורוויטש, משה ב"ך, א. וואָלינער, ב. וולאַדעק, א. ש. זאַקס, א. י. חאימאוויץ, יהואש, דר. י. ל. מאַגנעס, מאַני לייב, משה נאַדיר, ש. ניגער, י. סאָלוצקי, מ. ספּעקטאָר, ד. פּינסקי, ש. עפּשטיין, דר. י. קויפמאַן, צביון, אַ. ראבאי, א. רייזין, יוסף שלאָסבערג.

זאָלען אַלע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך יחידים, זיך דערוווייל ווענדען צו דעם אויבען־דערמאָנטען קאָמיטעט, וועמעס אַדרעס איז: „קאָמיטע אָף דזשואיש בוקס פאָר ראָשיא“, 114 פינפטע עווענוי, ניו־יאָרק.

## בריף־קאַסטען

י. ר., בר. 11, בראָנזוויל: „אַ געורס פון דער היום“ — ניט שלעכט. דאָס פּאַסט זיך אָבער גיכער פאַר אַ טעגליכער צייטונג. פאַר אַ זשורנאַל פאָדערט זיך אַ העכערער גראַד פון בעלעטריסטיק. מיר שיקען עס אייך אָפּ צוריק. שיקט צו אַמאָל עפּעס אַנדערש.

ס. גארעליק, לאָס אנדזשעלעס: איר האָט פאַרגעסען אָנצוגעבען אייער אַדרעס, קענען מיר נאָך אַליין אייך ניט אָפּשיקען דעם מאַנוסקריפּט. די זאַך איז ניט שלעכט, אָבע רלוידער קענען מיר ניט געבען קיין פיל פּלאַץ פאַר אַזאַ ריין־לירישער זאַך, ווי די וואָס איר האָט צוגעשיקט.

א. פּ., שיקאַגאָ: אומדרוקבאַר. לערנט זיך בעסער פריער אויס ווי אָנצושרייבען ריכטיג אַ אידישען זאַץ.

ב. פרידמאַן, בר. 286, ברוקלין: אונז דוכט, אַז איר טרייבט אַ ביסעל איבער. איז עס מעגליך, אַז יעדער איינציגער מיטגליד באַקלאָגט זיך ביי אייך, אַז ער קריגט ניט דעם „פריינד“. מיר מאַכען אַן אויספאָרשונג. .

י. וו. קראַמער, בר. 70: דאָס איז אייער אייגענע שולד. איר האָט געדאַרפט וועגען דעם פריער שרייבען. איצט וועט איר שוין באַקומען.

ל. ראַנאַף, בר. 367: דאָס זעלבע.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון ארבעטער־רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 6־טען נאָוועמבער, 10 אַ זייגער אין דער פרי, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

דער פּראָטאָקאָל פון 9טען אָקטאָבער ווערט פאָרגעלעזען און גוטגעהייסען.

דער פּראָטאָקאָל פון 19טען אָקטאָבער ווערט פאָרגעלעזען און גוטגעהייסען מיט דער קאָרעקשאָן, אַז בר. 15, האַרטפאָרד, האָט געשאַפען $1200 ניט פאַר'ן רעליף, נאָר פאַר דעם אָרטיגען לייבאָר־ליסעאום.

### צושריפטען

פון בר. 245, — זיי לאַדען איין פאַרטרעטער צו זייער יערליכען באָל אויף שבת אָוונט, דעם 12טען נאָוועמבער. באַשלאָסען אָננעמען מיט דאַנק.

פון מעדיקאל דעפּאַרטמענט, — זיי לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון זייערע דיסטריקט דאָקטוירים און ספּעציאַליסטען, זונטאג דעם 13טען נאָוועמבער. באַשלאָסען דאָס איבערגעבען צו דער בענעפיט קאָמיטע.

פון בר. 99, — לאַדען איין די עקזעקוטיוו צו זיין פאַרטראָטען ביי זייער 15־יעריגען יובילייאום, וואָס וועט אָנגעהאַלטען ווערען דעם 20טען נאָוועמבער. ערוויילט פר. גוסקין.

פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, — זיי בעטען צו שיקען פאַרטרעטער צו זייער באַראַטונגס־קאָנפערענץ, זונטאָג דעם 13טען נאָוועמבער. ערוויילט פר. מאָלאָט.

פון בר. 593, — זיי בעטען צו שיקען פאַרטרעטער צו דער ערעפענונג פון זייער לייבאָר־לייסעאום, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 20טען נאָוועמבער. עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען זיי אַ באַגריסונג.

פון בר. 234, דאַלאַס, טעקסאַס, — זיי דריקען אויס דעם פאַרלאַנג, אַז די עקזעקוטיוו זאָל בעטען פר. ס. ליפשיץ, דירעקטאָר פון טעקסאַס, צו זיין פאַרטראָטען ביי זייער 13־יעריגען יובילייאום, וועלכער וועט געפייערט ווערען דורך אַ באַנקעט, און אויך דורך אַ מאַסמיטינג. באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

פון די סטודענטען פון אַ. ר. לערער־קורסען, — לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דעם יום־טוב וואָס זיי אַראַנזשירען אויף דעם 6טען נאָוועמבער צו פייערן דעם יאָרצייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאַצ. עדיוקיישאָנאל קאָמ.

### וועגען רוסישע רעליעף

פר. ראָבערטס באַריכטעט, אַז פר. גוסקין און ער האָבען אונטערזוכט די פראַגע וועגען אָנשליסען זיך אָן דער „פעדעריייטעד אַסאָסיאיישאן פאַר רו[illegible]עליף“. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט פריינד וולאַדעק, וועלכער איז אין דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דער קעפּערשאַפט, און אויך מיט פאַרטרעטער פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. די אמאלגאמייטעד קלאָטהינג וואָירקערס, אַזוי גוט ווי דער „פאָרווערטס“, האָבען אויסגעדריקט די מיינונג, אַז מיר קענען שיקען אונזערע פּראָדוקטען דירעקט צום רויטען קרייץ אין רוסלאַנד.

פר. גוסקין דערקלערט, אַז אָבוואָל ער האָט די זאַך באַזונדער אונטערזוכט, איז ער דאָך געקומען צום זעלבען באַשלוס, און איז איינשטימיג מיט פר. ראָבערטס באַריכט.

דער באַריכט פון פר. ראָבערטס און גוסקין ווערט גוטגעהייסען. עס ווערט באַשטימט זיך ניט אָנצושליסען אָן דער „פעדערייטעד“.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז מיר זאָלען אַליין קויפען די נויטיגע פּראָדוקטען פאַר רוסלאַנד, און דאָס איבערשיקען דירעקט צום רוסישען רויטען־קרייץ.

### רעפּאָרט פון קאָנווענשאָן קאָמיטע

פר. דזש. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז די קאָנווענשאָן קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט. ער (ראָטהמאַן) איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן, פר. לעוויטאַן אַלס סעקרעטער. זיי האָבען צום ערשטען מיטינג באַשלאָסען צו לאָזען וויסען די טאָראָנטאָ קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע ניט צו מאַכען קיינע ענטגילטיגע פאַבינדונגען פאַר קיין זאַך אָן דער צושטימונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

פר. באַסקין גלויבט, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף באַשטימען אַז די קומענדע קאָנווענשאָן זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין פאַרלויף פון 5 טעג צייט, אום צו שפּאָרען אַ טייל פון די אויסגאַבען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער קאָנווענשאָן. דער טשערמאַן פר. גוסקין דערקלערט, אַז די פראַגע דאַרף פריער פאַרהאַנדעלט ווערען פון אונזער קאָנווענשאָן קאָמיטע.

באַריכט פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

פר. העסקעל באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 47, עליזאַבעטה, נ. דזש., ביי דער ערעפענונג פון זייער לייבאָר־לייסעאום. זיי האָבען אַ פּראַכטפולע געביידע, וועלכע וואָלט זיך זאָגאַר געפּאַסט פאַר אַ לייבאָר־לייסעאום אין אַ גרעסערער שטאָט. די ערעפענונג איז געווען זייער אַ שיינע און זיי האָבען געזאַמעלט אַרום 2,100 פאַר דעם לייבאָר־לייסעאום. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.—זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. אַשפּיז באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי לאָקאַל 22 דרעסמייקערס יוניאָן וועגען פר. דינערשטיין פון בר. 231, וועמען די יוניאָן אַנטזאָגט זיך אַריינצונעמען. זיי האָבען אים איבערגעגעבען, אַז דער באַטרעפענדער האָט זיך געווענדט צו אונז איידער ער האָט אַפּעלירט צו אַ העכערער אינסטאַנץ אין דער יוניאָן. זיי האָבען אים אויך דערקלערט, אַז ער איז ניט קיין דרעס־מייקער, נאָר אַ קלאָוקמאַכער. זיי וועלען אים לאָזען אַרבעטען אין אירגענד וועלכען שאַפּ

און דרעסמייקערס, ניט זייענדיג קיין מיטגליד פון דער יוניאן. — זיין באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. גוסקין באריכטעט, אז די „אלד איודזש האום“ קאמיטע האט געהאט א מיטינג און זיך דורכגערעדט וועגען געוויסע פלענער. זיי זיינען אבער נאך ניט געקומען צו קיין באשטימטען באשלוס און זיי וועלען וועגען זייער ארבעט ביי א קומענדען מיטינג רעפארטען. — באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפארט

פר. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, מאכט אויפמערקזאם אז די לעצטע קאנווענשאן האט באשלאסען צו העכערן די קראנקען־בענעפיט פון 6 אויף 8 דאל. א וואך, און באשטימט, אז די צאלונגען פאר דעם פאנד זאלען געהעכערט ווערען 15 סענט פון א מיטגליד פער קווארטאל. אויב דאס וועט זיין גענוגענד צו דעקען די העכערע צאלונגען.

פר. באסקין דערקלערט, אז דער ספעשעל אסעסמענט פאר'ן קאנווענשאן פאנד ענדיגט זיך דיזען קווארטאל, אבער עס זיינען נאך פארן אייניגע פאנדס, וועלכע האבען דעפיציטען. אזוי, צום ביישפיל, האט דער אדמיניסטריישאן פאנד א דעפיציט איבער 18 טויזענט דאל., ווייל די אויסגאבען כדיף לעגאלע ארבעט האבען דעם יאר באטראפען א היבשע סומע. ער רעקאמענדירט דארום צו האבען א ספעשעל אסעסמענט פון 25 סענט אויף נאך צוויי קווארטאלען, כדי צו דעקען דעם דאזיגען דעפיציט, און אויך דעם דעפיציט פון עדיוקיישאנאל פאנד.

פר. באסקין גלויבט, אז די עקזעקוטיוו דארף נעמען א שטעלונג אין פאל דער קלאוקמייקערס סטרייק וועט אויסברעכען. ער דענקט, אז עס וואלט פיליכט געווען ראטזאם צו שאפען אן עקסטרא פאנד אויף צו צאלען די דיום פון די סטרייקענדע קלאוקמייקער.

אין דעם רוסישען רעליף פאנד געפינט זיך יעצט ארום 14 טויזענט דאלאר, אבער עס קומט יעדע וואך אריין עטליכע טויזענט דאלאר. ער רעקאמענדירט דארום צו שיקען פאר 20 טויזענט דאלאר פראדוקטען אין רוסלאנד.

אונזער מיטגלידערשאפט איז צום 1טען נאוועמבער 1921 געווען 85,115. אין פארלויף פון לעצטען יאר זיינען צוגעקומען 52 נייע ברענטשעס.

---

די פראגע וועגען שאפען א ספעציעלען פאנד צו דעקען די דיום פון די סטרייקענדע קלאוקמאכער ווערט ברייט דעבאטירט. עס ווערט אנגעדייטעט, אז אויף וויפיל עס וואלט געווען ווינשענסווערט צו האבען אזא פאנד, וועט עס אבער זיין א שלעכטער און פיליכט שעדליכער, פרעצידענט, ווייל אויב מיר זאלען שאפען א פאנד אויף צו דעקען די דיום פאר די סטרייקענדע קלאוקמאכער, וועט דאס זעלבע אויך דארפען געטאן ווערען אין פאל פון סטרייקס פון קלענערע יוניאנס, און דאס וועט זיין כמעט אוממעגליך דורכצופירען.

עס ווערט באשטימט אזא פאנד ניט צו שאפען.

עס ווערט באשלאסען צו העכערען דעם אסעסמענט פאר'ן קראנקען־בענעפיט פאנד אויף 15 סענט פון א מיטגליד פער קווארטאל.

עס ווערט באשלאסען צו באאויפטראגען די נאציאנאלע ארגאניזאציאנס קאמיטע איבערצושיקען אין רוסלאנד פראדוקטען פאר צוואנציג טויזענט דאלאר.

עס ווערט באשלאסען ניט צו האבען קיין ספעשעל אסעסמענט אויף צו דעקען די דעפיציטען פון די פאנדס, נאר איבערגעבען די פראגע צו די באטרעפענדע קאמיטעס, וועלכע פארוואלטען די פאנדס וואס האבען דעפיציטען.

עס ווערט באשלאסען צו רעקאנסידערען דעם באשלוס, אז דער באלאנס פון פאנד אויף צו דעקען די דיום פון די געדרעפטעטע מעמבערס זאל איבערגיין צום בענעפיט פאנד. עס ווערט באשלאסען, אז דער דאזיגער באלאנס זאל בלייבען אלס א באזונדערער פאנד, מיט וועלכען מען זאל זיך קענען באנוצען אין אויסערגעוויינליכע צופאלען.

דעם סעקרעטערס רעפארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע

פר. אשפיז, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז פיינטערס ארבעטען יעצט אויף איבערפארבען און ענעמלען די „לינטוס“, וועלכע וועלען נאכהער אויסזען א סך שענער. די גאנצע ארבעט פון די פיינטינג וועט קאסטען איבער $2000.

אויף דעם פארלאנג פון דער סאניטאריום קאמיטע איז פר. איזידאר דינערשטיין געפארען אין סאניטאריום צו זען וועגען דער פיינטינג ארבעט.

א ספעציעלע מאשין איז ארויסגעשיקט געווארען פון ניו־יארק צו מאכען נאכאמאל א פראבע ארויסצושלעפען די סטאמפס פון דעם לייק. אויב די פראבע וועט ניט געליגגען, וועט ווארשיינליך אויסקומען אפצולייגען די ארבעט אויף קומענדען פרילינג.

פר. א. אדלער, וועלכער איז אנגעשטעלט געווארען אלס אסיסטענט מענעדזשער, איז שוין אין סאניטאריום. די סאניטאריום קאמיטע גלויבט, אז פריינד אדלער וועט זיין דער ריכטיגער מאן אויפ'ן ריכטיגען פלאץ; און אז ער וועט אנווענדען אלע זיינע כחות צו מאכען זיין ארבייט פאר אן ערפאלג.

דער פריערדיגער טשיקען־מאן איז אוועגעשיקט געווארען, ווייל זיין ארבעט איז ניט געווען צופרידענשטעלענד, און עס ווערט נאכגעזוכט א צווייטער אויף זיין פלאץ. פארלויפיג ווערט די ארבעט געטאן פון דעם אסיסטענט.

דער בוטשער, ביי וועלכען מיר האבען פריער געקויפט פלייש, האט פארלאנגט $125, וועלכע זיינען מיט זיין צושטימונג ארונטערגענומען געווארען פון א ביל וואס האט זיך געצויגען היבשע עטליכע מאנאטען. מען האט אים געענטפערט, אז די זאך איז מיט אים איין מאל געשליכטעט געווארען, און מיר זיינען מיט דער מיינונג, אז ער איז צו דער סומע ניט בארעכטיגט.

צוויי פאציענטען האבען אין אן אויפגערעגטען צושטאנד זיך צעשלאגען. דער דאקטער האט זיי גלייך ארויסגעשריבען פון סאניטאריום און האט זיי דערקלערט, אז אלס שטראף וועלען זיי ניט קענען צוריק ארייננעמען ווערען פריער פאר 3 וואכען צייט, און בלויז מיט דער צושטימונג פון דער סאניטאריום קאמיטע. די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען צו האנדלען וועגען דער אנגעלעגענהייט בלויז דאמאלס, ווען די ברענטשעס פון די באטרעפענדע פאציענטען וועלען זיך צו דער קאמיטע ווענדען, ווייל די סאניטאריום קאמיטע גלויבט, אז די ברענטשעס דארפען אין אזא פאל זיין אינפארמירט וועגען דער אויפפירונג פון זייערע מיטגלידער, און די ברענטשעס אליין דארפען פריער וועגען דעם האנדלען.

פר. סעם ווערניק, א מיטגליד פון בר. 23, האט זיך געווענדט צו דער סאניטאריום קאמיטע וועגען פאלגענדעס:

זייבער א פלימעניק, א 9־יעריגער יתום, איז פארהאלטען געווארען אין עליס איילאנד, ווייל ער איז קראנק אויף קאנסאמפשאן. די אימיגראציאנס קאמיטע האבען געגעבען בלויז עטליכע וואכען צייט צו קריגען פאר אים א פריוואטען סאניטאריום, אויב ניט וועט ער צוריקגעשיקט ווערען אין פוילען.

די סאניטאריום קאמיטע האט באשלאסען אין דעם פאל מאכען אן אויסנאם. אבוואל אין אונזער סאניטאריום ווערען ארייגענומען בלויז קינדער פון מיטגלידער, און בלויז אין דער עלטער פון 16 ביז 20 יאר, נאר אזוי ווי אין דעם פאל האט זיך געהאנדעלט וועגען ראטעווען פון צוריקשיקען אין פוילען אזא יונגען און עלענדען יתום, האט די סאניטאריום קאמיטע באשלאסען אים ארייינצונעמען אין ארבעטער־רינג סאניטאריום.

רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע

פר. ראזענבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז דער טשעק אויף $100, וואס איז געשיקט געווארען פאר דער לין־גייל דעפענס קאמיטע, איז געסטאפט געווארען אין באנק, ווייל, ווי די ציי־טונגען האבען געמאלדען, איז לין־גייל געווארען א פאררעטער צו דער ארבעטער־זאך. פר. ליפשיץ, דער טרעזשורער פון פאנד, האט געלאזט וויסען, אז די דעפענס קאמיטע האט געמאכט ארום $50 אויסגאבען אויף דעם חשבון פון דעם טשעק. ער האט דארום געבעטען, אז מען זאל זיי באוויליגען $50. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען צו פארלאנגען פון דיזע א סטייטמענט, און דאן האנדלען.

נ. ליטאוער, וועלכער איז געווען א מיטגליד פון דער אפיס קאמ., האט באנקראטירט אין ביזנעס און פארנומען אויך געלדער פון זיין ברענטש. די אפיס קאמיטע האט באשטימט אים אויסצושליסען דערווייל פון דער אפיס קאמיטע, און באשטימט ארויסצורופען דעם נעקסטען אויפ'ן באלאט צו פארנעמען זיין פלאץ.

די אודיטארס האבען לעצטענס אונטערזוכט די ביכער פון לויבאר־ליג און געפונען אלין אין ארדנונג.

ווי עס צייגט זיך ארויס, האבען פיל באאמטע פון געוועזענע לייבאר־ליג ברענטשעס ניט קיין קלארען באגריף ווי צו פירען די ביכער פון ארבעטער־רינג. עס איז פארשטענדליך, אז זיי זייגען ניט באהאוועט אין די פירונגען און רולס פון ארבעטער־רינג זייענדיג צוגעוואוינט צו די ביכער פון לייבאר־ליג. די אפיס קאמיטע האט דארום באשלאסען צו רופען אין באסטאן א קאנפערענץ פון די סעקרעטארען פון אלע מאסאטשוזעטס ברענטשעס, שיקען אהין א פארמרעטער, און געבען זיי אינפארמאציע ווי צו פירען די ברענטש־ביכער, ווי אויך וועגען אלע אנדערע טעכנישע און קאנסטיטוציאנעלע פראגען, וואס זיינען פארבונדען מיט פירען די געשעפטען פון די ברענטשעס.

די אפיס קאמיטע האט באשלאסען צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט ריעל־עסטייט קאמפאניעס וועגען נאכזוכען א געביידע פאר א האום־אפיס, ווייל, ווי עס איז שוין פיל מאל באריכטעט געווארען, איז דער אפיס צו קליין און עס איז צו ענג, אז די ארבעט פון די אנגעשטעלטע זאל קענען געטאן ווערען רואיג און אומגעשטערט.

א טשעק אויף $1500 איז ארויסגעשיקט געווארען צו פר. יאנקעל־[illegible] דעם באשלוס פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע.

אַ גרופּע מיטגלידער, וועלכע איז מיט אַ צייט צוריק טרענספּערירט געוואָרען צו בר. 169, זיינען דאַמאָלס געבליבען שולדיג אַ גרויסען באַלאַנס אוידער זייער ברענטש איז אויפגעלייזט געוואָרען. בר. 169 האָט געבעטען, אין נאָמען פון די דאָזיגע מיטגלידער, אַז מען זאָל די באַלאַנסען פון זיי אַרונטערנעמען. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז זי קען די חובות פון אָט די מיטגלידער ניט אַרונטערנעמען, ווייל מען קען קיין אויסנאָם אין אַזאַ פאַל ניט מאַכען.

די אָפּיס קאָמיטע האַנדעלט באַזונדער וועגען יעדען ברענטש, וועלכער האָט אַ גרויסען חוב צום אָפּיס. פיל ברענטשעס ווערען באַזוכט, און צו מאַנכע ברענטשעס אויסער ניו־יאָרק ווערען געשיקט רעדזשיסטרירטע בריף צו די מיטגלידער, רופענדיג זייער אויפמערקזאַמקייט צום פינאַנציעלען צושטאַנד פון ברענטש. פילע פון די ברענטשעס האָבען זיך אָפּגערופען און איינגעצאָלט אַ גרויסען טייל פון זייערע חובות.

פר. לעוויטאַן איז געווען פאַרטראָטען ביים ספּעשעל מיטינג פון בר. 91, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען זייער חוב צום אָפּיס. פאַרטרעטער פון ברענטש זיינען נאָכהער געקומען צו דער אָפּיס קאָם. און האָבען פאַרשפּראָכען צו שיקען $500 אויפ'ן חשבון פון חוב. זיי האָבען אויך פאַרזיכערט, אַז דער ברענטש נעמט אָן מיטלען צו שאַפען אַ פאָנד אויף צו דעקען זייערע שולדען און אַז די פראַגע וועט אין גיכען געשליכטעט ווערען.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען אַ קאָנפערענץ אין פילאַדעלפיא פון איניגע ברענטשעס, וואָס זיינען שולדיג גרויסע חובות צום אָפּיס.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר קראַפּקאַ, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען געהאַט אַן אַפּיל געגען בר. 539, ניו־יאָרק, וועלכער האָט זיך געצויגען אַ לאַנגע צייט. נאָך פיל מאָל דורכשרייבען זיך פאַר מיט'ן אַפּעלאַנט און פאַר מיט'ן ברענטש, האָט דער ברענטש צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון זייערע פּראָטאָקאָלען, צו צייגען, אַז זיי האָבען באַשלאָסען, אַז דער מיטגליד, וועלכער האָט דעם אַפּעלאַנט באַליידיגט, זאָל זיך אַנטשולדיגען פאַר פאַרשפּרייטען געגען אים קלאַגען דאָס ער האָט צעשניטען סחורות אין דעם געשעפט וואו ער האָט געאַרבעט. דער באַטרעפענדער האָט זיך אַנטשולדיגט ביי אַ געוויסען מיטינג, און דער ברענטש האָט באַטראַכט די זאַך אַלס געשליכטעט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון בר. 168 האָט געלאָזט וויסען, אַז ער איז אומצופרידען מיט דער אַנטשיידונג פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען, וועלכע האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע. דער באַטרעפענדער האָט אַנגעדייטעט, אַז אין פאַל מען וועט ניט אַרונטערנעמען פון אים די שטראָף פון $25, וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, וועט ער זיך ווענדען דעם וועגען אין קאָורט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיין צושריפט צו פיילען.

רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. מאַלאַט, וויים־טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין בר. 709, מאַלדען, מאַס., איז אַ מיטגליד קראַנק אויף טובערקולאָזיס און וועט אין גיכען אַריין אַ צווייטען מאָל אין סאַניטאַריום פאַר קאָנסאָמפּטיווס. ער דייטעט אָן, אַז אין לייבאָר־ליג האָט זיך געפירט, אַז אויב זייערער אַ מיטגליד איז אַריין אין אַ סאַניטאַריום פאַר קאָנסאָמפּטיווס, האָבען זיי אים געצאָלט $20 אַ וואָך סאַניטאַריום בענעפיט פאַר 9 מאָנאַטען, ווייל דער לייבאָר־ליג פלעגט אַזוי פיל צאָלען פאַר זייערען אַ פּאַציענט ווען ער איז אַריין אין אַרבעטער־רינג סאַניטאַריום. דער באַטרעפענדער מיטגליד האָט אויף אַזאַ אופן שוין געקראָגען $160 פאַר די 8 וואָכען וואָס ער איז דאַמאָלס געווען קראַנק אין אַ סאַניטאַריום (אויסער די קראַנקען־בענעפיט פאַר דער צייט). דער ברענטש פאַרלאַנגט פאַר אים די איבעריגע $20 אַ וואָך אויב ער וועט אַריין אין אַ צווייטען סאַניטאַריום. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו, אַז אין אַזעלכע פאַלען זאָל אַ געוועזענער מיטגליד זיין באַרעכטיגט צו די $20 אַ וואָך בלויז ווען ער איז געווען אין אַ סאַניטאַריום פאַר קאָנסאָמפּטיווס, אוידער דער לייבאָרליג האָט זיך פאַראייניגט אָפיציעל מיט'ן אַרבעטער־רינג, דאָס הייסט פאַר דעם 1טען אָקטאָבער 1921, און ער ווערט ווייטער אַריינגענומען אַלס פּאַציענט אין אַן אַנדער סאַניטאַריום.

דער לעאָ נ. לעווי מעמאָריאַל האָספּיטאַל, פון האָט ספּרינגס, אַרקענזאָ, האָט צוגעשיקט אַ צושריפט, מאַכענדיג אויפמערקזאַם, אַז ביי זיי אין סאַניטאַריום ווערען אַריינגענומען פּאַציענטען וואָס ליידען פון רומאַטיזם און וועגערישע קראַנקהייט. זיי בעטען אַז דער אַ. ר. זאָל באַוויליגען אַ סומע פאַר זייער אַנשטאַלט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען איבערגעבען פריער דעם צושריפט צו דער מעדיקאַל אַדוויזאָרי באָרד.

די פראַגע וועגען בר. 709 ווערט דעבאַטירט, און עס ווערט באַשטימט די זאַך איבערצוגעבען נאָכאַמאָל צו דער בענעפיט קאָמיטע צו האַנדלען.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. גורעוויטש באַריכטעט, אַז די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער „פריינד“ זאָל, אָנפאַנגענדיג פון יאַנואַר 1922, אַרויסגיין איין מאָל אין 2 מאָנאַטען, אום אָפּצואוויישען דעם דעפיציט פון „פריינד“־פאָנד.

כדי אויסצומיידען, אַז דאָס „קינדערלאַנד“ זאָל ניט האָבען קיין דעפיציט אין דער צוקונפט, איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז יעדע אַ. ר. שולע זאָל נעמען אַ באַשטימטע צאָל עקזעמפּלאַרען פון „קינדערלאַנד“. אויף אַזאַ אופן וועלען כמעט אַלע געדרוקטע נומערן פון „קינדערלאַנד“ פאַרקויפט ווערען.

נייע שולען וועלען אין גיכען געעפענט ווערען אין שענאַגען, באָסטאָן און טשעלסי, אָבער מאַנכע פון די עקזיסטירענדע שולען לעבען איבער אַ שווערע צייט צוליב דעם יעצטיגען עקאָנאָמישען קריזיס.

ס'איז באַשטימט געוואָרען אַרויסצושיקען פר. פיינסטאָן, דעם מחבר פון דעם בוך איבער כעמיע, וועלכער איז פון אונז אַרויסגעגעבען געוואָרען, אויף אַ קורצען לעקטשור־טור. פר. פיינסטאָן גיט אָפּ די צייט וואָס ער קריגט פאַר זיין וואַקיישאָן און ער פאַרלאַנגט בלויז די באַן־הוצאות און $5 אַ טאָג.

פון פראָפ. חפץ'ס האָנאָראַר איז באַשלאָסען געוואָרען אַרונטערצונעמען די סומע וואָס איז באַצאָלט געוואָרען פאַר קאָרעגירען זיין מאַנוסקריפּט.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען אַ קאָנפערענץ פון די לערער פון די אַ. ר. שולען אין ניו־יאָרק און אין די אַרומיגע שטעט אַזוי ווייט ווי פילאַדעלפיא. דעם 11טען נאָוועמבער וועט זיין עקזאַמינעישאַן פאַר נייע לערער.

אַזוי ווי עס פילט זיך אַ מאַנגעל אין פּיעסען, וועלכע זאָלען קענען אויפגעפירט ווערען פון די קינדער אין די אַ. ר. שולען, איז באַשטימט געוואָרען אַ קאָנקורס פאַר אַזעלכע איין־אַקטערס.

די שיקאַגאָ אַ. ר. שולען האָבען אַראַנזשירט דורך יוראָקס מוזיק ביוראָ אַ קאָנצערט מיט איסאַי און ווינאַגראַדאָוו, אָבער ביידע אַרטיסטען זיינען קראַנק געוואָרען און זיינען צום קאָנצערט ניט געקומען. די אונטערנעמונג איז דאָדורך געווען אַ דורכפאַל. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיך דורכצורעדען מיט יוראָקען און זען, אַז ער זאָל אויף אירגענד וועלכען אופן גוטמאַכען זייער פאַרלוסט.

עס זיינען אָנגעקומען פילע רעזאָלוציעס אין פאַרבינדונג מיט דער שפּאַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשטימט צו דרוקען אַלע רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען אָנגעקומען ביז יעצט און די רעזאָלוציעס וועלכע וועלען שפּעטער דערהאַלטען ווערען אָנגעבען אין „פריינד“ בלויז די נומערן פון די ברענטשעס, וועלכע זיינען פאַר אָדער געגען דער פראַגע.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו דרוקען פר. איוועַנסקיס לעקציעס, וועלכע זיינען ספּעציעל געשריבען פאַר סעקרעטאַרען אָדער צוקונפטיגע סעקרעטאַרען און גיבען אַן עלעמענטאַרען באַגריף איבער בוכהאַלטעריי, און הויפּטזעכליך ווי אַזוי צו פירען די ביכער פון אַ. ר. ברענטשעס.

אַ פאַרלאַנג איז אָנגעקומען פון אַ געוויסען מחבר צו אינדאָרסירען זיין בוך. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען אים ענטפערן, אַז מיר וועלען אין דער נאָענטער צוקונפט איינפירען אין „פריינד“ אַ ביבליאָגראַפישע אָפּטיילונג, און איבער בעסערע ביכער וועט אין יענער אָפּטיילונג געגעבען ווערען אַן איבערזיכט.

דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די נואַרק דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך פאַרפליכטעט צו שאַפען פינף טויזענט דאָלאַר פאַר דעם רוסישען רעליף.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, מיט דער הילף פון דער 25־ער רעליף קאָמיטע, וועט, אָנפאַנגענדיג פון דעם 11טען נאָוועמבער, באַזוכען אַלע ברענטשעס אין ניו־יאָרק אין פאַרבינדונג מיט דער רעליף פאַר די הונגער־ליידענדע אין רוסלאַנד. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו זען אַראַנזשירען אַ „טעג־דעי“ אין ניו־יאָרק אויף דעם 18טען דעצעמבער, און אויב מעגליך אויך האָבען אין דעם טאָג איבער'ן גאַנצען לאַנד טעג־דעיס פאַר רוסישע רעליף.

פר. ראָבערטס איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 225 און זיך דורכגערעדט מיט זיי וועגען זייער רעליף־טעטיגקייט. דער ברענטש פלעגט שיקען די קאָלעקטירטע געלדער פאַר רוסישע רעליף דורך די „[illegible]

און ראַשא". פר. ראָבערטס האָט זיי דערקלערט אַז דער אַרבעטער־רינג שיקט פּראָדוקטען און נייטיגע מעדיצינישע אַרטיקלען דירעקט צו דעם רוסישען רויטען־קרייץ אין רוסלאַנד, צו דער זעלבער קערפּערשאַפט צו וועלכער די "פרענדס און ראָשא" שיקען זייערע זאַכען. נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע, האָט דער ברענטש באַשלאָסען אין דער צוקונפט אַלע געקליבענע געלדער פאַר דעם צוועק צו שיקען דורכ'ן דזשענעראַל אָפיס, און אויך די געלדער וואָס זיינען געקליבען אויף די ליסטען פון די „פרענדס און סאָוויעט ראָשא" שיקען צום דזשענעראַל אָפיס, וועלכער זאָל נאָכהער איבערשיקען זיינעם אַ טשעק אויף דער זעלבער סומע צו די „פרענדס און ראָשא".

די ניי־ערוויילטע פילאַדעלפיא דיסטריקט קאָמיטע האָט זיך איינגעטיילט אין 3 קאָמיטעס: עדיוקיישאָנאַל, אָרגאַניזאַציאָנס און אַדיטינג. די פילאַדעלפיא דיסטריקט קאָמיטע פאַרשפּרעכט צו טאָן דעם יאָר גוטע אַרבעט.

פר. ראָבערטס איז אויך געווען ביי דער פילאַדעלפיא דיסטריקט קאָמיטע. די דיסטריקט קאָמיטע האָט באַשטימט צו האָבען פערטעלייערליכע קאָנפערענצען מיט אַלע פאַרטרעטער פון דער דיסטריקט קאָמיטע, און די וואַקאַנסען, וואָס וועלען זיין אָפען, זאָלען אויסגעפילט ווערען ביי די דאָזיגע קאָנפערענצען.

די פּעטערסאָנער מעמבערס עטלאָרדזש האָבען זיך עטליכע מאָל געווענדט, אַז מען זאָל באַוויליגען אַ נייעם ברענטש אין פּעטערסאָן, ווייל זיי האָבען מער ווי 25 קאַנדידאַטען אַזאַ ברענטש צו גרינדען. זייער פאַרלאַנג איז, אַז מען זאָל זיי נאָכהער דערלויבען זיך אָנצושליסען אָן דעם דאָזיגען ברענטש. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט די מעמבערס עט לאַרדזש באַאויפטראַגט צו ווענדען זיך פריער וועגען דעם צו דער אָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע.

עס ווערט געפּלאַנעוועט צו באַזוכען די ברענטשעס אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, כדי צו זען אויפלעבען די אַרבעט פון פאַרגרעסערן די מיטגלידערשאַפט פון יענעם שטאַט.

דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין וועט אין ניו־יאָרק ערעפענט ווערען דורך אַ גרויסען קאָנצערט זונטאָג ביינאַג דעם 4טען דעצעמבער, אין מאַנהעטען אָפּערא הויז. די פּלאַטפאָרמע וועט זיין ספּעציעל פאַרנומען פון די באַאַמטע פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס, צו וועמען עס וועלען אַרויסגעשיקט ווערען פרייע טיקעטס.

ביידע ברענטשעס אין פּאַסייק האָבען אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג זיך צו פאַראייניגען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען דאָס איבערצוגעבען צו דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע.

דער טאָלידאָ ברענטש האָט זיך באַקלאָגט, אַז זיי זיינען ניט גערופען געוואָרען צו דער קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט אַז ס'איז צו שפּעט צו רופען אַ צווייטע קאָנפערענץ, האָט באַשלאָסען אין דעם פאַל מאַכען אַן אויסנאַם און דערלויבען דעם טאָלידער ברענטש צו נאָמינירען זייערן אַ קאַנדידאַט, וועמעס נאָמען זאָל אויך ווערען אַרויפגעשטעלט אויפ'ן באַלאָט.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז יעצט פאַרנומען ניט בלויז מיט באַזוכען די ברענטשעס וועגען רוסישע רעליף, נאָר אויך מיט ברייטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. זיי וועלען אין גיכען אינסטאַליר'ען נייע ברענטשעס פון אַסטאָריאַ אַסטראָווצער און גראַיעווער לאַנדסלייט. זיי פירען אויך פאַרהאַנדלונגען מיט איניגע סאָסייעטיס וועגען אָנשליסען זיך אָן אַרבעטער־רינג.

פר. דינערשטיין דערקלערט, אַז עס איז נויטווענדיג, אַז די מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו זאָלען אויך מיטהעלפען אין דער דאָזיגער אַרבעט פון באַזוכען די ברענטשעס פון ניו־יאָרק.

פר. גוסקין, וועט פון זיין יוניאָן זיין אין איניגע טעג אַרום אין שיקאַגאָ. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיך דורכשרייבען מיט דער שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע, אַז זיי זאָלען זיך באַנוצען מיט דער געלעגענהייט און אַראַנזשירען אַ מיטינג מיט פריינד גוסקין.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג ווערט ערעפענט זונטאַג, דעם 4־טען דעצעמבער, 10 אַ זייגער אין דער פרי, פון טשערמאַן פר. ר. גוסקין.

דער פּראָטאָקאָל פון 6טען נאָוועמבער ווערט פאָרגעלעזען און גוטגעהייסען מיט פאָלגענדער קאָרעקשאָן:

אין דעם רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז פר. ראָזענבלאַט, דער טשערמאַן, האָט אויך איבערגעגעבען אַז אין „פאָרווערטס" זיינען אָנאָנסירט געוואָרען די נעמען פון יענע געשטראָכענע מיטגלידער, וועמעס בריף פון אָפיס, געשיקט צו זיי, זיינען ניט קיין ריכטיגען.

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, שטעלט פאָר פר. מאַנדעל פון בר. 225, וועלכער איז צוגעצויגען געוואָרען אין דער אָפיס קאָמיטע אויף ליטאָוערס פּלאַץ.

## צושריפטען

פון בר. 74, — זיי לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 15־יעריגען יובילייאום, וועלכער וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 10טען דעצעמבער. פר. ראָבערטס ווערט ערוויילט צו זיין פאַרטראָטען.

פון „די אַמעריקאַן פעדערייטעד ראָשען פעמין רעליף קאָמיטע,— בעטען די אַדרעסען פון אונזערע ברענטשעס, צו וועמען זיי וועלען אַרויסשיקען אַ צושריפט וועגען די פּעקלאַך, וואָס זיי נעמען זיך איבערצושיקען צו די אַמעריקאַנער קרובים אין רוסלאַנד. עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע דאָס צו אונטערזוכען און האַנדלען נאָכדעם ווי זיי וועלען באַריכטען. ערוויילט פריינדע י. ראָטהמאַן, בלאַק און העסקעל.

פון דער „פרייער אַרבייטער שטימע", — לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דעם בניערן־באַל. ערוויילט פר. ראָבערטס.

פון „מעסענדזשער", דעם זשורנאַל פאַר ראַדיקאַלע ניגערס, — זיי בעטין אויך דעם יאָר צו נעמען אין אָנבאַטראַכט זייער זשורנאַל, ווען די קאָנווענשאָן וועט באַשטימען שטיצע פאַר סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַלע אינסטיטוציעס. באַשלאָסען זיי ענטפערן, אַז מיר וועלען דאָס נעמען אין אָנבאַטראַכט.

## קאָמיטעס

פון בר. 315, — זיי דערקלערען, אַז פר. שוואַרץ, אַ געוועזענער מיטגליד פון זייער ברענטש און יעצט אַ מעמבער עט לאַרדזש, געפינט זיך אין זייער אַ געדריקטען מאַטעריעלען צושטאַנד. אויסער דעם געפינט ער זיך אַליין אין אַ האָספּיטאַל און זיינע צוויי קינדער זיינען קראַנק. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל באַוויליגען פאַר אים אַ געוויסע סומע און העלפען אים אין זיין יעצטיגער שווערער לאַגע.

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער אָפיס קאָמיטע, דערקלערט, אַז די אָפיס קאָמיטע האָט שוין וועגען דער פראַגע געהאַנדעלט און באַשלאָסען צו באַוויליגען $50 פון דעם פאָנד, וואָס איז געקליבען געוואָרען אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפּטעטע מיטגלידער. די אָפיס קאָמיטע גלויבט, אָבער, אַז מער ווי די סומע קען ניט באַוויליגט ווערען. עס ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער אָפיס קאָמיטע.

פון בר. 130, — פר מ. ענגעל דערקלערט, אַז זייער ברענטש האַלט ניט אָפּ קיין מיטינגען: צוליב דעם קומט אויס, אַז זיי באַטייליגען זיך ניט אין קיין טעטיגקייט. ער דענקט, אַז מען דאַרף דעם ברענטש פאַראייניגען מיט אַ צווייטען ברענטש. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם.

## באַריכטען

פר. מאָלאָט באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיוו קאָנפערענץ. עס איז דאָרט פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע פון שאַפען אַ פאָנד אויף צו פאַרגרעסערן און באַפעסטיגען די געשעפטען פון דער אַ. ר. קאָאָפּערטיווע בעקעריי.

פר. גוסקין דערקלערט, אַז ער איז געווען אויסער ניו־יאָרק און צוליב דעם האָט ער לוידער ניט געקענט זיין פאַרטראָטען ביי דעם יובילייאום פון בר. 99.

פר. י. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז די אָפיס קאָמיטע האָט באַשטימט פר. לעוויטאַן און אים צו ציילען די באַלאָטס פאַר דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען פאַר די יאָרען 1922־1923. דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז ווי פאָלגט:

ניו־יאָרק: י. איוועגסקי, בר. 194 — 2003 שטימען; ש. סאַקאַראַנסקי, בר. 20 — 580. ניו־דזשוירזי: מ. מינדלין, בר. 107 — 436; זאַקס, בר. 421 — 331. פענסילווייניא: ס. עטינגער, בר. 372 — 630; פיינמאַן, בר. 290 — 272. איליגאָיז: בענענסאָן, בר. 162 — 467; מאַרקוס, בר. 227 — 183. וויסקאָנסין: ראַבין, בר. 425 — 87; טאַגער, בר. 166 — 82. טאָראָנטא, קענ.: שטראס, בר. 280 — 85; ש. דעסער, בר. 339 — 70. ראָוד־איילענד: ש. פּאַוולאָוו, בר. 110 — 124; לעווין, בר. 522 — 68. אָהייאָ: פּויבעסאָוויטש, בר. 46 — 106; האָכמאַן, בר. 587 — 68. מאָנטריאַל, קענ.: י. מאַרגאָלים, בר. 151 — 52; פראַדקין, בר. 204 — 28. מינעסאָטא: ה. בעלמאַן, בר. 552 — 78; י. שניידער, בר. 571 — 28. קאַליפאָרניא: ה. ל. סיימאָנס, בר. 248 — 158; י. לעוויט, בר. 24צ — 73. קאָנעטיקוט: וו. מאַק, בר. 15 — 291; צימערמאַן, בר. 232 — 250. מאַסאַטשוזעטס: ס. יאָנאַס, בר. 704 — 517. מערילאַנד: מ. ליקסאַן, בר. 310 — 124; סעמועלסאָן, בר. 67 — 58. ווירדזשיניא: מ. ל. מילער, בר. 212 — 66; וו. לעסנער, בר. 120 — 55. מעין: ב. גראַצינסקי, בר. 558 — 34; סעלטצער, בר. 97 — 27.

אין מישיגען סטייט איז דער רעזולטאַט פון די וואַלען נאָך ניט באַשטימט, ווייל ס'איז דאָ אַ קלאַגע פון פר. דאַקסער געגען די באַ־

לאָטס פון צוויי ברענטשעס. פר. דאָקסער שטיצט זיין קלאַגע אויף דעם וואָס צוויי ברענטשעס האָבען געשטימט דעם באַלאָט פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען ניט ביי קיין ספּעשעל מיטינג. די ציילער־קאָמיטע האָט די פראַגע איבערגעגעבען צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע צו אונטערזוכען.

אין טעקסאַס סטייט גיין יעצט אָן די וואַלען פאַר דער באָרד אוו דירעקטאָרען, פאָלגליך האָט די ציילער קאָמיטע זייערע באַלאָטס ניט געציילט.

דער רעפּאָרט פון דער ציילער קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָמ. צו אונטערזוכען וועגען די באַלאָטס פון מישיגען סטייט, און זי זאָל זיך גלייך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט די צוויי ברענטשעס אום אויסצוגעפינען איינצעלהייטען וועגען דעם.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז אין דער צוקונפט זאָלען די באַלאָטס פאַר דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען פאַר יעדען סטייט צוגעגרייט ווערען אין דזשענעראַל אָפיס און פאַנאַנדערגעשיקט ווערען צו די ברענטשעס פון די באַטרעפענדע סטייטס.

## באַריכט פון דער קאָנווענשאַן קאָמיטע

פר. לעוויטאַן, סעקרעטער פון דער קאָנווענשאַן קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די טאָראָנטאָ קאָנווענשאַן אַראַנזשמענטס קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען, אַז נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט די אָרטיגע אומשטענדען, וועלען זיי ניט קענען עפענען די קאָנווענשאַן מאָנטאָג דעם ערשטען מאַי, ווי די עקזעקוטיוו קאָנווענשאַן קאָמיטע האָט געפּלאַנעוועט, נאָר די קאָנווענשאַן וועט זיך דאַרפען עפענען זונטאָג דעם 30טען אַפּריל.

נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען צו נעמען אין אַנבאַטראַכט דעם פאַרלאַנג פון דער טאָראָנטאָ קאָנווענשאַן אַראַנזשמענטס קאָמיטע, און עס ווערט באַשטימט, אַז די קאָנווענשאַן זאָל זיך עפענען דעם 30טען אַפּריל און שליסען שבת דעם 6טען מאַי.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט, אַז בר. 373, פילאַדעלפיא, האָט גערופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע פילאַדעלפיער ברענטשעס אויף דעם 11טען ד. מ. צו פאַרהאַנדלען וועגען ווידער אָננעמען די „פּרינציפּען־ערקלערונג“ פון אַרבעטער־רינג, און וועגען די אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע, וואָס זיינען לעצטענס אָנגענומען געוואָרען. פר. באַסקין גלויבט, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף שיקען אַ פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ.

ער גיט אויך איבער, אַז לעצטען דאָנערשטאָג איז געווען אַ קאָנפערענץ צווישען מאיר לאָנדאָן מיט אַ געוויסען לאַיער בראָדסקי, וועלכער איז דער ליגעל אַדוויזער פון דער 15־ער קאָמיטע.

פר. באַסקין דערקלערט, אַז ער איז לעצטע וואָך געווען אין וואַשינגטאָן ביי דעם סעקרעטערי אוו לייבאָר וועגען קריגען אַ דערלויבניש, אַז די דעלעגאַטען צו אונזער קאָנווענשאַן, וועלכע וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין קענעדע, זאָלען ניט האָבען קיינע שוועריגקייטען אַרויסצופאָרען פון לאַנד און צוריק אַריינקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען. ער האָט ביי דער געלעגענהייט זיך אויך דורכגערעדט מיט אים וועגען דעם, אַז אונזערע מיטגלידער פון קענעדע, וועלכע דאַרפען אַריינגענומען ווערען אין אונזער סאַניטאַריום, זאָל דערלויבט ווערען אָן שוועריגקייטען אַריינצוקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, ווייל זיי קומען פאַקטיש אין אַן אַנשטאַלט זיך קורירען, און ניט פאַלען צו לאַסט אויף קיינעם. דער סעקרעטערי אוו לייבאָר האָט אים געגעבען אַ זייער פריינדליכע אויפנאַמע, און ער האָט גלייך געשריבען וועגען דעם אַ בריף צו דעם דעפּאַרטמענט אוו אימיגריישאָן פון קענעדע.

דער סעקרעטערי אוו לייבאָר האָט אַ קאָפּיע פון זיין בריף אויך צוגעשיקט צום דזשענעראַל אָפיס.

ער דערקלערט, אַז מיר האָבען אַליין געקויפט מילך, מעל, מעדיצינישע אַרטיקלען און אייל אויף דער סומע פון $21,766 און איבערגעשיקט די זאַכען דירעקט צום רוסישען רויטען־קרייץ אין מאָסקווע.

דער קאַמפּיין פאַר דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי איז דערווייל זייער שוואַך, און מען וועט דאַרפען זען סטימולירען די אַרבעט צווישען די ברענטשעס.

וועגען דער גענויער צאָל מיטגלידערשאַפט קען ניט רעפּאָרטירט ווערען, ווייל עס זיינען נאָך ניט געשלאָסען געוואָרען די ביכער פון די געשטאָרבענע און ריאינסטייטעטע מעמבערס. ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז לויט דעם קאָנווענשאַן־רעפערענדום, וועט די קראַנקען־בענעפיט געהעכערט ווערען פון $6 אויף $8 אַ וואָך, אָנפאַנגענדיג פון דעם 1טען יאַנואַר 1922.

דעם קומענדען קוואַרטאַל וועט אַרונטערגענומען ווערען דער ספּעשעל אַסעסמענט פון 25 סענט צו דעקען דעם דעפיציט פון קאָנווענשאַן־פאָנד. עס וועט אָבער אַרויפגיין עקסטראַ 15 סענט די געהעכערטע צאָלונג פאַר דעם קראַנקען־בענעפיט פאָנד, און אַן עקסטראַ סענט פאַר דעם פאָנד פון די אַ. ר. שולען. סך־הכל וועלען דעם 86טען קוואַרטאַל די צאָלונגען זיין מיט 9 סענט ווייניגער ווי אין דעם 85טען קוואַרטאַל.

דעם סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ אין פילאַדעלפיא. ערוויילט פר. באַסקין און ראָבערטס.

## קאָנווענשאַן רעקאָמענדיישאַן קאָמיטע

עס ווערט באַשלאָסען אויסצואַרבעטען רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאַן. די קאָמיטע זאָל באַשטיין פון 1 פאַרטרעטער פון יעדער דעפּאַרטמענט קאָמיטע. עס ווערען ערוויילט פר. לעוויטאַן, ל. ראָטהמאַן, ביילין, העסקעל, כאַנין און ראָזענבלאַט.

## וועגען דער 15־נער קאָמיטע

פר. ראָבערטס הייבט אויף די פראַגע וועגען דער אַרבעט פון דער 15־נער קאָמיטע. ער זאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע דאַרף נעמען אַ שטעלונג בנוגע זייער טעטיגקייט און שיקען אַ פאַרטרעטער צו די ברענטשעס, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען די פראַגען, וועלכע די 15־נער קאָמיטע האָט אויפגעהויבען. ער דייטעט אָן, אַז די 15־נער קאָמיטע מיסאינפאָרמירט די ברענטשעס אין פיל אַנגעלעגענהייטען, און ווען די עקזעקוטיוו וואָלט ביי אַזעלכע געלעגענהייטען געווען פאַרטראָטען, וואָלטען די אַ. ר. מיטגלידער געהאַט אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער אָדער יענער פראַגע וואָס ווערט פאַרהאַנדעלט.

נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אַריינברענגען אַ רעקאָמענדאַציע וואָס פאַר אַ שטעלונג די עקזעקוטיוו זאָל נעמען וועגען דער פראַגע. ווען נויטיג זאָל די פראַגע פאַרהאַנדעלט ווערען ביי אַ ספּעשעל מיטינג. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. אַשפּיז, כאַנין, ראָבערטס און פר. גוסקין, אַלס טשערמאַן פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָוונט, דעם 13טען דעצעמבער.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דעם 12־טען דעצעמבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## קאָמיטעס

פון די לייבאָר פילם סוירוויס, — זייער פאַרטרעטער מעלדעט, אַז די ערשטע פּיקטשור, אין וועלכער עס ווערט פאָרגעשטעלט דאָס אַרבעטער־לעבען, וועט אויפגעפירט ווערען אין ליריק טעאַטער, אין בראָנזוויל, דעם 18טען דעצעמבער. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיי געבען אַ קרעדענשעל צו די אַ. ר. ברענטשעס, צווישען וועלכע זיי ווילען פאַרקויפען זייערע שערס. באַשלאָסען האַנדלען וועגען דעם ביי אַ צווייטען מיטינג.

פון די סטרייקענדע מילך דרייווערס, — זיי בעטען צו געבען זיי די אַדרעסען פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס, אום זיי זאָלען קענען באַזוכען זייערע מיטינגען. זיי בעטען אויך, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל זיי העלפען מיט וואָס עס איז נאָר מעגליך אין זייער יעצטיגען סטרייק. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג וועגען די אַדרעסען, און אויך אַפּעלירען דורך דער פּרעסע צו די מיטגלידער און פריינד פון אַרבעטער־רינג צו קויפען מילך בלויז ביי די קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבען געסעטעלט מיט די סטרייקער, אום צו העלפען די סטרייקענדע געווינען זייער גערעכטען קאַמף.

## צושריפטען

פון דער 15־נער קאָמיטע, — זיי לאַדען איין די עקזעקוטיוו צו זיין פאַרטראָטען ביי זייער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, וועלכע וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג דעם 1טען יאַנואַר, 10 אַ זייגער אין דער פרי. זיי פרעגען אויך וואָרום אין „פריינד“ איז ניט געדרוקט געוואָרען זייער רעזאָלוציע. פר. ביילין, רעדאַקטער פון „פריינד“, דערקלערט, אַז די רעזאָלוציע איז דערשינען אין דעצעמבער נומער „פריינד“, נאָר צוליב דעם באַשרענקטען פּלאַץ האָט זי פריער ניט געקענט געדרוקט ווערען. עס ווערט בשלאָסען צו שיקען 2 פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ. ערוויילט פר. באַסקין און גוסקין.

פון א. צוקער, פאַרטרעטער פון דער פּיפּעלס רעליף אין שיקאַגאָ, — ער דערקלערט, אַז מאַנכע עלעמענטען פאַרשפּרייטען אין שיקאַגאָ קלאַנגען, אַז דער אַרבעטער־רינג האָט זיך אָפּגעריסען פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען אים ענטפערן, אַז דער אַ. ר. האָט זיך פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע ניט אָפּגעריסען.

פון מאיר לאָנדאָן, פון וואַשינגטאָן, — ער ענטפערט טעלעגראַפיש, אַז ער קען קיין איינצעלנע אָרגאַניזאַציע ניט פאַרטרעטען ביי דער הירינג וועגען באַשרענקען ווייטערדיגע אימיגראַציע. ער דייטעט אָן, אַז די הירינג וועט זיך היינט אָנפאַנגען. עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען 2 פאַרטרעטער צו דער הירינג. ערוויילט פר. באַסקין און גוסקין.

פון דער האַרלעם אַ. ר. שול־קאָמיטע, — זיי לאַדען איין צו

שיקן א פארטרעטער צום באנקעט, וועלכער וועט אפגעהאלטען ווערען דעם 1טען יאנואר, ארראנזשירט לכבוד דעם 8 יאר עקזיסטענץ פון דער שול און לכבוד דער ערעפענונג פון דער מיטעל־שול. ערוויילט פר. זאלצמאן.

פון בר. 138, פילאדעלפיא, — זיי לאדען איין צו שיקען א פארטרעטער צו זייער 15־יעהריגען יובילייאום, וואס וועט געפייערט ווערען זונטאג דעם 1טען יאנואר. ערוויילט פר. מאלאט.

פון פר. דאקסער פון דעטראיט, — ער אפעלירט געגען באשלוס פון דער גריוועגס קאמיטע גוטצוהייסען די האנדלונג פון די צוויי בוענטשעס געגען וועלכע ער האט אפעלירט אין פארבינדונג מיט דער אפשטימונג פון דעם באלאט פאר דער נאציאנאלער באורד און דירעקטארען. עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם נאך דעם רעפארט פון דער נאציאנאלער גריוועגס קאמיטע.

## וועגען א היים פאר אלטע מיטגלידער

פר. לעוויטאן באריכטעט, אז פר. גוסקין, אשפיז און ער האבען געהאט א מיטינג וועגען אויסארבעטען א פלאן פאר א היים פאר אלטע מיטגלידער. עס זיינען פאראן צוויי מיינונגען אין דער פראגע. מאנכע דענקען, אז אזא היים זאל געבויט ווערען אויף די גראונדס פון סאניטאריום, און אנדערע דענקען, אז אזא היים זאל געבויט ווערען אויף א גאנץ באזונדערען פלאץ. ער גיט איבער, אז אן אלמנה פון א פארשטארבענעם ארבעטער־רינג מיטגליד וויל אוועקגעבען א הויז און א גרויסען לאט, וועלכע זיינען איר אייגענטום, אין פאטשאק, נ. י. זי איז וויליג דאס אוועקצוגעבען צום ארבעטער־רינג אן געלט, אויב עס וועט דארט געבויט ווערען א היים פאר עלטערע מיטגלידער.

פר. גוסקין, וועלכער איז א מיטגליד פון דער קאמיטע, דענקט, אז עס איז ראטזאם צו בויען א הויז אויף די גראונדס אופן סאניטאריום, ווייל אויף אזא אופן וועט מען קענען שפארען א מענעדזשער, א קעכין, אן אינזשיניער, א דאקטער און ד. ג. אזוי ווי מען קען דערווארטען, אז די ערשטע יארען וועלען קיין פיל עלטערע מיטגלידער נאט זיין פאר אזא היים, וועלען די אנגעשטעלטע פון סאניטאריום אויך קענען באנוצט ווערען פאר דער היים פון עלטערע מיטגלידער, און דאס אויפהאלטען פון דער אינסטיטוציע וועט זיין פארבונדען מיט א סך ווייניגער אויסגאבען ווי אין אן אנדער פלאץ. עס ווערט באשלאסען, אז די קאמיטע וועגען דער היים פון עלטערע מיטגלידער זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט אזעלכע עקזיסטירענדע אינסטיטוציעס, אויסגעפינען מער איינצעלהייטען און צושטעלען א גענויען רעפארט צו איינע פון די קומענדע מיטינגען פון דער עקזעקוטיוו.

---

פר. גוסקין שטעלט פאר פר. ווייגבערג פון בר. 185, וועלכער איז צוגעצויגען געווארען צו דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע אויפ׳ן פלאץ פון פר. הערמאן.

## רעפארט פון דער אפיס קאמיטע

פר. ראזענבלאט, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז ס׳זיינען גערופען געווארען ספעשעל מיטינגען פון די ברענטשעס, וועלכע זיינען געבליבען שולדיג צום אפיס גרויסע חובות. מאנכע פון די ספעשעל מיטינגען זיינען באזוכט געווארען פון מיטגלידער פון דער אפיס קאמיטע, און אנדערע זיינען אטענדעט געווארען פון די באטרעפענדע דיסטריקט קאמיטעס. די פילאדעלפיא דיסטריקט קאמיטע האט אטענדעט צו איניגע ברענטשעס, וועלכע זיינען געבליבען שולדיג גרויסע חובות, און איניגע פון זיי האבען נאכהער געמאכט איינצאלונגען.

בר. 247 איז שולדיג געבליבען צום אפיס ארום $400. דער חוב שלעפט זיך שוין היבשע עטליכע קווארטאלען, נאר צוליב די טראבעל, וואס זיי האבען געהאט מיט זייערען א סעקרעטער, האבען זיי דעם חוב ניט געקענט איינצאלען. זיי האבען אבער פארשפראכען יעדען קווארטאל איינצוצאלען ניט ווייניגער ווי $50 אויפ׳ן חוב.

דער א. ר. ארקעסטער, בר. 615, פון ניו־יארק, האט פאר׳ן לעצטען קווארטאל ניט געמאכט קיין איינצאלונג. זיי האבען דערקלערט, אז זיי קענען ניט איינצאלען, ווייל זיי האבען געהאט א גרויסע אונטערנעמונג, פון וועלכער זיי זיינען געבליבען מיט א דעפיציט פון ארום $1600. די אפיס קאמיטע האט באשלאסען צו לאזען וויסען דעם ברענטש, אז אויב זיי וועלען ניט איינצאלען, זאל מען האנדלען מיט זיי געזעצליך, ווייל מיר קענען ניט עדרלויבען ברענטשעס אין גאנצען ניט צו צאלען זייערע דיוס צוליב פארלוסטען אין זייער ברענטש.

דער „אינדאסטריעל רעוויו" האט געבעטען קאפיעס פון אונזערע טאבעלען וועגען קראנקען־בענעפיט. זיי האבען דערביי געשריבען, אז די סטודענטען אין סינסינעטי קאלעדזש האבען שטודירט די ציפערן וועגען אונזער קראנקען־בענעפיט, און אז אט די סטאטיסטישע אינפארמאציעס וועגען קראנקען־בענעפיט זיינען געווען א מאטעריאל פאר דיסקוסיעס צווישען די קאלעדזש פראפעסארען און סטודענטען. קאפיעס פון די דאזיגע טאבעלען זיינען צו זיי געשיקט געווארען.

ווען פר. באסקין איז געווען אין ליבאר דעפארטמענט, האט ער זיך אויך געווענדט צום דעפארטמענט פון „אייליען פראפערטי קאסטאדיען" וועגען די טויטען־בענעפיט געלדער. ווי באוואוסט, האבען זיי אין דער צייט פון דער מלחמה געפאדערט, אז מען זאל זיי איבערגעבען אלע געלדער פון טויטען־בענעפיט, וועמעס יורשים געפינען זיך אין די לענדער מיט וועמען אמעריקע איז געווען אין קריג. יעצט קומט אן מיט שוועריגקייטען ארויסצוקריגען די טויטען־בענעפיט פאר יעדען יורש, וועלכע ווענדט זיך צום דזשענעראל אפיס. דער טשיף פון „אייליען פראפערטי קאסטאדיען" האט דערקלערט, אז לויט די געזעצען קען דער ארבעטער־רינג די דאזיגע געלדער נאט קריגען, נאר יעדער יורש באזונדער דארף אויספילען די נויטיגע פאפירען און זען צושטעלען צום „אייליען פראפערטי קאסטאדיען", צוזאמען מיט א באשטעטיגונג פון דעם אמעריקאנעם קאונסיל, אז דער באטרעפענדער איז א בירגער פון א לאנד וואס איז דיפלאמאטיש פארבונדען מיט אמעריקע.

ער (ראזענבלאט) איז געווען פארטראטען אין באסטאן ביי דער קאנפערענץ פון די פינאנץ סעקרעטארען פון מאססאטשוזעטס סטייט. עס זיינען אנוועזענד געווען 16 סעקרעטארען, מיט וועלכע ער האט זיך דורכגערעדט וועגען איינצעלהייטען ווי צו פירען די ברענטש־ביכער און וועגען טעכנישע פראגען בנוגע די פירונגען פון ארבעטער־רינג. פילע פון די סעקרעטארען זיינען אויך געווען סעקרעטארען אין די ליבאר־ליג ברענטשעס, און זיי זיינען צוגעוואוינט צו דער סיסטעם וואס איז געווען איינגעפירט אין ליבאר־ליג און וועלכע איז אין פילע פרטים גאנץ אנדערש פון אונזער סיסטעם. די דאזיגע קאנפערענץ האט פאר די סעקרעטארען געהאלפען קלאר מאכען פילע פראגען, וועלכע זיינען פאר זיי געווען פרעמד.

מר. עלדרידזש, אונזער עקטשוערי, גלויבט, אז די עקזעקוטיוו דארף רעקאמענדירען צו דער נעקסטער קאנווענשאן, אז קומענדען יאר זאל די אינטשורענס־געלט פון נייע מיטגלידער נאט גיין צום רעזערוו־פאנד, נאר אויף צו דעקען די דעפיציטען פון אלע פאנדס.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע דערקלערט, אז זיי האבען געהאנדעלט וועגען דעם פינאנציעלען צושטאנד פון א. ר. ארקעסטער בר. 615. עס ווערט באשטימט צו האנדלען וועגען דעם נאך דעם רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע.

רעפארט פון דער אפיס קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע

פר. גורעוויטש, מיטגליד פון דער קאמיטע, באריכטעט פאלגענדעס: בר. 615 האט געהאט א פארלוסט פון ארום $1600 פון אן אונטערנעמונג. די סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען צו מאכען א קליינע אונטערנעמונג ספעציעל אויף צו דעקען א טייל פון דעפיציט פון בר. 615. אזוי ווי בר. 615 וועט אויך אין קורצען קריגען זייער חלק פון דעם בודזשעט, וואס די סיטי קאמיטע האט פאר זיי באוויליגט, וועלען זיי זיין אימשטאנד איינצוצאלען א טייל פון זייער חוב אין אפיס, וואס באטרעפט $200.

די ניו־ערווילטע סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע פון ניו־יארק האט געהאט א געמיינשאפטליכען מיטינג מיט דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע און זיי האבען באשלאסען, אז די עדיוקיישאנאל ארבעט זאל דעם יאר אנגעפירט ווערען געמיינשאפטליך פון ביידע קאמיטעס. זיי האבען פרליופיג אויסגעארבעט פאלגענדען פלאן:

1) צו ארראנזשירען 5 קאנצערטען אין 5 טיילען פון ניו־יארק, און אט די קאנצערטען זאלען טראגען אן עדיוקיישאנאל און ארגאניזאציאנס כאראקטער.

2) ארגאניזירען קאנצערטען פאר איניגע ברענטשעס, וועלכע האלטען אפ זייערע מיטינגען אין א באשטימטען געגענד. די דאזיגע קאנצערטען פאר גרופען ברענטשעס וועלען האבען א דאפעלטען ווערט. ערשטענס, וועט יעדער ברענטש קענען שאפען א פערוויילונגס־אוונט פאר מיטגלידער און זייערע פאמיליען; צווייטענס, וועט עס די מיטגלידער פון די ברענטשעס ברענגען אין נאענטער באריהרונג, אזוי דאס די ברענטשעס זאלען צווישען זיך האבען אמת פריינדליכע באציאונגען.

3) ארראנזשירען אין ניו־יארק ערשטע מאי קאנצערטען, ווי דאס איז געטאן געווארען די לעצטע עטליכע יאר.

4) ארגאניזירען קורסען־לעקציעס איבער פארשידענע געגענשטאנדען, ווי אידישע געשיכטע, היגיעניע, ליטעראטור, פאליטישע עקאנאמיע, אידיש, ענגליש א. ד. ג. יעדער קורס זאל באשטיין פון 12 לעקציעס, די ארבעטער־רינג מיטגלידער זאלען צאלען צו $1.50 פאר א קורס, און נישט־מיטגלידער זאלען צאלען $3.00. יעדער קורס וועט ארגאניזירט ווערען אזוי שנעל ווי עס וועלען זיך פארשרייבען 20 שילער.

5) ארראנזשירען אין פארלויף פון ווינטער שפאצירען אין קונסט־מוזעאום, ווי אויך אין מוזעאום פון נאטור־געשיכטע.

פר. י. ב. ביילין האט באזוכט די שולען פון ווילמינגטאן, באלטימאר, וואשינגטאן, נארפאלק. פר. באגין געפינט זיך יעצט אויף א קורצען טור צו באזוכען די שולען פון דעטראיט, קליוולאנד, פיטסבורג און ראטשעסטער.

דאס געהאלט פון מיס פארג, די סטענאגראפערין פון עדיוקיישאנאל דעפארטמענט, איז געהעכערט געווארען אויף $3 א וואך. עס איז אויך אנגעשטעלט געווארען א באי אין עדיוקיישאנאל דעפארטמענט, ווייל ס'איז דא א סך ארבעט ביים ארויסשיקען דעם קינדער־זשורנאל, די מכשירים פאר די קינדער־שולען א. ד. ג.

צו יעדען ברענטש איז ארויסגעשיקט געווארען אן עקזעמפלער פון פראפעסאר חפץ'ס בוך איבער די פאגראמען אין אוקראינע, אים צו ברענגען דעם בוך צו דער אויפמערקזאמקייט פון דער מיטגלידערשאפט און זען, אז דער בוך זאל פארשפרייט ווערען.

דער רעפארט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

וועגען בר. 615 ווערט באשלאסען, אז די אפיס קאמיטע זאל אננעמען ביז זיי $100 אויפ'ן חשבון פון זייער חוב; און די $100 ווארטען ביז נאך דער אונטערנעמונג וואס די סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע ארראנזשירט פאר זיי.

## וועגען דער טרייד יוניאן אמנעסטיע באוועגונג

פר. זאלצמאן הייבט אויף די פראגע וועגען דער טרייד יוניאן אמנעסטיע באוועגונג. ער זאגט, אז אזוי ווי די אידישע פרעסע האט די לעצטע צייט אפגעגעבען א סך פלאץ פאר דער פראגע, און אזוי ווי פר. לאנג, א מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, איז פארבונדען מיט דער באוועגונג, דארף די עקזעקוטיוו וועגען דעם האנדלען.

פר. לאנג פארלאנגט, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל ערוויילען א קאמיטע צו אונטערזוכען די אמנעסטיע באוועגונג פון די צענטראלע טרייד יוניאן קערפערשאפטען און אריינברענגען א באריכט צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו.

נאך א לאנגער דעבאטע איבער דער פראגע, ווערט באשלאסען צו ערוויילען אזא אונטערזוכונגס קאמיטע. אין דער קאמיטע ווערען ערוויילט פר. בורגין, ליעסין און גורעוויטש.

## רעפארט פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע

פר. קראפקא, טשערמאן פון דער קאמיטע באריכטעט, אז צוויי מיטגלידער פון בר. 225 האבען אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו טעקסען יעדער מיטגליד מיט צוויי דאלאר פאר'ן אדעסער רעליף, ווייל דער באשלוס איז אנגענומען געווארען ביי א ספעשעל מיטינג, וואס איז גערופען געווארען ניט פאר דעם צוועק. דער פארטרעטער פון ברענטש האט דערקלערט, אז דער ספעשעל מיטינג איז גערופען געווארען וועגען א ספעשעל טעקס פון איין דאלאר פאר דער ברענטש־טרעזשורי. ווען די פראגע איז פארהאנדעלט געווארען, איז באשטימט געווארען צו טעקסען יעדען מיטגליד מיט $3 אנשטאט מיט א דאלאר, 1 דאלאר זאל גיין פאר דער ברענטש־קאסע, און 2 דאלאר פאר'ן אדעסער רעליף. דער אורטייל פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע איז געווען, אז די האנדלונג פון ברענטש איז ניט קיין געזעצליכע, ווייל דער ספעשעל מיטינג איז גערופען געווארען וועגען א טעקס פאר'ן ברענטש און ניט וועגען א ספעשעל טעקס פאר'ן רעליף.

בר. 362 האט אפעלירט געגען באשלוס פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע צוריקצואווייזען די בענעפיט פאר זייערען א מיטגליד, ווייל דער באטרעפענדער האט זיך געמאלדען אין ברענטש קראנק דאן ווען ער איז שוין געזונט געווארען. דער ברענטש האט צוגעגעבען, אז דער באטרעפענדער האט זיך ניט געמאלדען קראנק אין צייט, נאר זיי האבען דערקלערט, אז ער איז קורירט געווארען פון א דאקטער, וועלכער איז א מיטגליד פון ברענטש, און צוליב דעם איז ארויסגעקומען די מיספארשטענדניס וועגען ניט מעלדען זיך, ווייל ער האט געדענקט, אז דער ברענטש האט באשטעטיגט אז דער פריינד איז געווען קראנק. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען צו נעמען אין אנבאטראכט די דאזיגע דערקלערונג פון ברענטש, האט גוטגעהייסען דעם אפיל, און באאויפטראגט די בענעפיט קאמיטע אויסצוצאלען די בענעפיט.

בר. 329, אלבאני, האט באשלאסען צו שטרייכען א מיטגליד צוליב זיין באציאונג צו די ארבעטער אין דער צייט פון א סטרייק (ער איז א באס פיינטער). ער האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש. אזוי ווי דאס איז געווען א קאמפליצירטע פראגע, און דער ברענטש האט געוואלט די זאך שליכטען ווי אם שנעלסטען, האט די גריוועגס קאמיטע באשלאסען צו שיקען א פארטרעטער צום ברענטש, ווייל ס'איז שווער געווען צו קריגען שריפטליך אלע איינצעלהייטען פון דעם אפעלאנט. פר. בלאק איז דארט געווען פארטראטען. דער אפעלאנט, ווי עס האט זיך ארויסגעצייגט, באלאנגט צו די פיינטערס באסעס אסאסיאיישאן, וועלכע האט געשטעלט דער יוניאן א פאדערונג ארונטערצונעמען $2 א טאג פון די ארבעטערס וויידזשעס. ווען די באסעס אסאסיאיישאן האט די פראגע פארהאנדעלט מיט א קאמיטע פון דער יוניאן, און אבוואל די ביידע קאמיטעס זיינען געקומען צו א געוויסער פארשטענדניס, איז אבער די באסעס אסאסיאיישאן דורכאויס באשטאנען דארויף ארונטערצונעמען פון די ארבעטער צו 2 דאלאר א טאג. אזוי ווי די יוניאן איז געווען געגען דעם, האבען זיי אדווערטייזט פאר סקעבס פאר אלע באסעס, וועלכע זיינען אן דער אסאסיאיישאן אנגעשלאסען, און דער פלאן פון דעם אפעלאנט איז אויך געוועזן אדווערטייזט. ווען בר 320 האט אים אויפגעפאדערט צו סעטלען דעם סטרייק, האט ער געענטפערט, אז ער קען ניט אונטערשרייבען קיין קאנטראקט אן דער באסעס אסאסיאיישאן. ער איז דאן אויף א געזעצליכען אופן אנגעקלאגט געווארען אין ברענטש, וועלכער האט באשטימט איבער צו שטרייכען. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען די האנדלונג פון ברענטש גוטצוהייסען.

א פריינדין פון בר. 53 האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צוריקצואווייזען איר בענעפיט. די פראגע איז געווען ווי פאלגט: מיט א צייט צוריק האט זי אפעלירט צו דער בענעפיט קאמיטע געגען באשלוס פון ברענטש ניט אויסצוצאלען איר די לאקאלע בענעפיט. ווען די בענעפיט קאמיטע האט געשיקט א פארטרעטער צום ברענטש וועגען דער אנגעלעגענהייט, איז דארט דערקלערט געווארען, אז דער ברענטש האט באאויפטראגט דעם פריערדיגען סעקרעטער צו שיקען אירע סטייטמענטס אין אפיס מיט א דערקלערונג, אז זי האט זיך געמאלדען נאך דער קראנקהייט. דער פריערדיגער סעקרעטער האט אבער אין אפיס געשיקט בלויז די סערטיפיקייטס, אבער ניט קיין דערקלערונג. די בענעפיט קאמיטע האט דאן באשלאסען צוריקצוציען די 6 וואכען בענעפיט, מיט וועלכע דער ברענטש איז קרעדיטירט געווארען, אויף דעם גרונד, וואס זייער סעקרעטער האט פארנאכלעסיגט צו לאזען וויסען דעם אפיס די שטעלונג פון ברענטש צו דער פראגע. זי האט נאכהער אפעלירט געגען דעם באשלוס צו דער גריוועגס קאמיטע. ווען איר אפיל איז פארהאנדעלט געווארען, האט די פריינדין דערקלערט, אז זי האט זיך ניט געמאלדען אין צייט, ווייל זי איז געווען אונטער דעם איינדרוק, או דער ארבעטער־רינג צאלט ניט קיין בענעפיט אויף פרויען קראנקהייטען. ווען זי האט זיך אבער דערוואוסט, אז זי איז צו בענעפיט יא בארעכטיגט, ווייל דער פונקט וועגען בענעפיט פאר פרויען־קראנקהייטען איז אפגעשאפט געווארען, האט זי דאמאלס צוגעשיקט צום ברענטש די נויטיגע סטייטמענטס. דער ברענטש ווידער האט דערקלערט, אז זיי האבען זיך אנטזאגט אויסצוצאלען איר די לאקאלע בענעפיט, ווייל לויט זייערע ביי־לאוס איז איינער בארעכטיגט צו לאקאלע בענעפיט ווען ער פארט אין קאנטרי בלויז דאן, ווען זייער ברענטש־דאקטער ראט דעם מעמבער צו פארלאזען ניו־יארק. דאס איז אבער ניט געווען דער פאל מיט אט דער מעמבערין. דער ברענטש האט אבער צוגעגעבען, אז זיי צווייפלען ניט דאס זי איז געווען קראנק. די נאצ. גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען גוטצוהייסען איר אפיל, און באאויפטראגען די נאצ. בענעפיט קאמיטע אויסצוצאלען איר די בענעפיט, אויך באאויפטראגען דעם ברענטש אויסצוצאלען איר די לאקאלע בענעפיט, נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז דאס איז געווען א ספעציעלער פאל און זי האט ניט געוואוסט צו זי איז צו דער בענפיט בארעכטיגט, דארום איז זי ניט נאכגעקומען די נויטיגע פארמאליטעטען.

אויף דער אנפראגע ביי בר. 457 און 678 אין פארבינדונג מיט די באלאטס פאר דער נאצ. באארד און דירעקטארען האבען ביידע ברענטשעס געענטפערט, אז די באלאטס זיינען ביי זיי געשטימט געווארען ביי א ספעשעל מיטינג. די נאצ. גריוועגס קאמיטע האט דארום באשלאסען צוריקצואווייזען דעם אפיל פון פר. דאקסער, און דערקלערט, אז פר. בערענשטיין איז דער געזעצליך ערוויילטער פארטרעטער פון מישיגען סטייט צו דער נאצ. באארד און דירעקטארען. לויט די צוגעשיקטע באלאטס האט פר. בערענשטיין געקראגען 197 שטימען, און פר. דאקסער 172.

בר. 166 האט אפעלירט געגען דער ארט און ווייזע ווי בר. 425 האט געשטימט דעם באלאט פאר דער נאצ. באארד און דירעקטארען. אויף אונזער אנפראגע, האט בר. 425 דערקלערט, אז ביים אנפאנג פון זייער ספעשעל מיטינג איז באשלאסען געווארען צו שטימען דעם באלאט פאר דער נאצ. באארד און דירעקטארען ביי דער ערעפענונג פון מיטינג, נאכהער ווידער אנגיין מיט די געשעפטס־פארהאנדלונגען פון ברענטש, און ווען עס וועלען צוקומען נאך מיטגלידער, זאל מען זיי געבען א געלעגענהייט צו שטימען דעם באלאט צו ענדע פון מיטינג. דער אפיל פון בר. 166 האט געלויטעט, אז אין בר. זיינען די באלאטס צוויי מאל געציילט געווארען. בר. 425 האט צוגעגעבען אז די באלאטס זיינען געציילט געווארען צוויי מאל, אבער די מיטגלידער וועלכע האבען געשטימט דאס ערשטע מאל האבען דאס צווייטע מאל ניט געשטימט. דאס איז אויך באשטעטיגט געווארען פון דער דארטיגער דיסטריקט קאמיטע. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען אנצונעמען די דערקלערונג, און דעם אפיל פון בר. 166 צוריקצואווייזען.

פר. העסקעל הייבט אויף די פראגע וועגען דער אנטשיידונג פון דער גריוועגס קאמיטע אין באצוג באאויפטראגען בר. 53 אויסצוצאלען די לאקאלע בענעפיט. עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם ביי א צווייטען מיטינג. דער איבעריגער טייל פון דער גריוועגס קאמיטע רעפארט ווערט דאן גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באשלאסען, אז דער מיטינג פון דער נאצ. באארד און דירעקטארען זאל אפגעהאלטען ווערען דעם 29טען, 30טען און 31טען דעצעמבער 1921.

עס ווערט באַשטימט צו האָבען אַ פאַרזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָווענט דעם 20טען דעצעמבער.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

**א פאַרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָווענט, דעם 20־טען דעצעמבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.**

## צושריפט

פון בר. 667, פאָל ריווער, — זיי לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער יובילייאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 26טען דעצעמבער. באַשלאָסען איבערצוגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו צו האָבען אַ קאָנפערענץ מיט דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט וועגען די צאָלונגען פאַר עקס־רעי פּיקטשורס, פאַר וועלכע די דאָקטוירים פון דעפּאַרטמענט רעכענען פון 5 ביז 20 דאָלאַר. די בענעפיט קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אַז די קאָנפערענץ זאָל באַשטיין פון פאַרטרעטער און דאָקטוירים פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, ווי אויך פון פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו און פון אונזער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד.

פר. יאַקאָבי דערקלערט, אַז די קאָמיטע האָט יעצט גערופען ספּעציעלע מיטינגען פון איניגע ברענטשעס אין ניו־יאָרק און פילאַדעלפיא, וועלכע האָבען אין פאַרלויף פון לעצטען יאָר געקראָגען מער קראַנקען בענעפיט וויפיל זיי האָבען איינגעצאָלט צום קראַנקען־בענעפיט פאָנד. די בענעפיט קאָמיטע וועט ביי די ספּעשעל מיטינגען זיין פאַרטראָטען, אום דורכצורעדען זיך מיט די מיטגלידער וועגען בענעפיט אַנגעלעגענהייטען.

אויף דעם פאַרלאַנג פון אונזערע מעדיקאַל עקזאַמינערס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז פרויען קאַנדידאַטען פון נייע ברענטשעס זאָלען ניט אונטערזוכט ווערען אין דזשענעראַל אָפיס, נאָר אין אָפיס פון מעדיקאַל עקזאַמינער.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אָנגעפרעגט וואָס זיי זאָלען ענטפערן צו די ברענטשעס, וועלכע שטעלען די פראַגען, צי אַ מיטגליד וועט קענען געשטראָכען ווערען, אויב ער וועט ניט באַלאַנגען צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, ווייל דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אַגיטירט יעצט, אַז יעדער ברענטש, וואָס איז אין דעם דעפּאַרטמענט אַנגעשלאָסען, זאָל באַלאַנגען מיט דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען די פראַגע צו ברענגען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען זיך דורכצורעדען וועגען דער אַנגעלעגענהייט מיט דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט.

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. ראָטהמאַן, מיטגליד פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

די צוויי פּאַציענטען, וועלכע זיינען פון דאָקטאָר אויסגעשריבען געוואָרען אויף 3 וואָכען, זיינען צוריק אַריינגענומען געוואָרען אין סאַניטאַריום (זע סאַניטאַריום קאָמיטע רעפּאָרט פון לעצטען מאָנאַט). אויף דעם פאַרלאַנג פון זייערע ברענטשעס, וועלכע האָבען פאַרשפּראָכען צו זען, אַז די דאָזיגע פּאַציענטען זאָלען אין דער צוקונפט זיך אויפפירען ווי עס פּאַסט פאַר מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אויך צו פּיינטען די קיטשען און דעם בייסמענט פון דער ערשטער „לינטו".

דר. אַנטאָנאָווסקי, דער מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַניטאַריום, וועט זיך ווענדען צו די אויטאָריטעטען פון ווילעדזש און פאַרלאַנגען, אַז זיי זאָלען פיקסען דעם ראָוד צו דעם סאַניטאַריום, און זיי פאַרשלאָגען, אַז מיר וועלען ביישטייערן אַ חלק פון די אויסגאַבען. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט געבעטען דר. אַנטאָנאָווסקי אויסצוגעפינען מיט וויפיל הוצאות עס וועט זיין פאַרבונדען צו פיקסען דעם ראָוד, אום צו האָבען אַ באַגריף וויפיל מיר וועלען דאַרפען ביישטייערן אַלס אונזער חלק.

עס זיינען געמאַכט געוואָרען עטליכע פּראָבעס אַרויסצוציען די סטאָמפּס פון לייק מיט דער הילף פון אייגענע אָנגעשטעלטע, אָבער די פּראָבעס זיינען ניט געלונגען. ס'איז באַשטימט געוואָרען גאָר ניט צו טאָן וועגען דעם ביז קומענדען פרילינג, ווייל צוליב דעם אָנקומענדען ווינטער וועט סאַי ווי סאַי אוממעגליך זיין צו טאָן אירגענד וועלכע אַרבעט אַרום דעם לייק.

דער אינסינערייטאָר אויף צו פאַרברענען די שמוץ און לייבען פון די פּאַציענטען איז שוין פאַרטיג און מען פאַנגט זיך יעצט אָן צו באַנוצען מיט אים. לויט אונזער קאָנטראַקט מיט דער קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אויפגעבויט דעם אינסינערייטאָר, איז צו זיי בלויז אויסגעצאָלט געוואָרען אַ העלפט פון דער סומע, און די איבעריגע העלפט וועט צו זיי אויסגעצאָלט ווערען אין 30 טעג אַרום, אויב דער אינסינערייטאָר וועט אַרבעטען און זיין אין אַ גוטען צושטאַנד.

דר. בארענבלאַט, דער אַסיסטענט דאָקטער, האָט פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום, ווייל ער וויל אָנפאַנגען פּריוואַטע פּראַקטיק. מרס. אַנטאָנאָווסקי, די פרוי פון דר. אַנטאָנאָווסקי, וועלכע איז אויך אַ דאָקטער, איז צייטווייליג אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס אַסיסטענט דאָקטער, מיט געהאַלט פון $100 אַ מאָנאַט.

ס'גייען ווידער געמאַכט ווערען אַראַנזשמענטס צו ציגען מואווינג פּיקטשורס פאַר די פּאַציענטען יעדע וואָך.

עס זיינען געקויפט געוואָרען 50 נייע וואָלענע בלאַנקעטס.

פר. אַדלער, דער אַסיסטענט מענעדזשער, איז זייער אַקטיוו און ער טוט אַלץ אין זיינע קרעפטען צו זען אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג, און דאָרט וואו עס איז מעגליך זאָלען אויסגאַבען געשפּאָרט ווערען, אויב דאָס איז נאָר ניט אויפ'ן חשבון פון די פּאַציענטען.

רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז פר. זאַלצמאַן איז געווען אין סיראַקיוז און — אין ראָטשעסטער ביי די דאָרטיגע דיסטריקט קאָנפערענצען. אויף ביידע פּלעצער זיינען דאָמאָלס ערוויילט געוואָרען נייע דיסטריקט קאָמיטעס. אין סיראַקיוז האָט ער אַדרעסירט אַ גוט־באַזוכטען מיטינג. די ראָטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו האָבען אַ ספּעשעל סאָב־קאָמיטע פאַר באַפאַלאָ און אַלע 3 מאָנאַטען זאָלען זיי האָבען אַלגעמיינע מיטינגען פון דער קאָמיטע.

פר. קרינסקי איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון דער וועסטשעסטער קאונטי דיסטריקט קאָמיטע. זיי האָבען ערוויילט אַ נייע קאָמיטע פון 7. פר. קרינסקי איז אויך געווען ביים יובילייאום פון בר. 26 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. קאָמיטע.

פר. באָסקין און ער (דינערשטיין) זיינען געווען פאַרטראָטען אין באָסטאָן ביי דער דיסטריקט און סטייט קאָנפערענץ. די פראַגע וועגען רוסישע רעליף איז דאָרט ברייט דעבאַטירט געוואָרען און די ברענטשעס האָבען פאַרשפּראָכען צו שיקען די רעליף פאַר די הונגער־לוידענדע דורכ'ן דזשענעראַל אָפיס, און די געלדער, וועלכע זיי וועלען שיקען דורך די „פרענד אוו סאָוויעט ראָשא", וועלען זיי אין דזשענעראַל אָפיס אָנגעבען די סומע, כדי צו האָבען אַ באַגריף וויפיל געלדער די אַ. ר. ברענטשעס האָבען געקליבען פאַר די רוסישע הונגער־לוידענדע. די ניי־ערוויילטע קאָמיטע פון באָסטאָן פאַרשפּרעכט צו טאָן גוטע אַרבעט.

פר. ראָבערטס איז געווען פאַרטראָטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ פון אַלבאַני, ער האָט דאָמאָלס אויך אַדרעסירט אַ מאַססמיטינג וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען צו פייערן די רוסישע רעוואָלוציע. ער האָט ביי דער געלעגענהייט גערעדט וועגען אונזער רעליף־אַרבעט פאַר די רוסישע הונגער־לוידענדע. פר. ראָבערטס איז אויך געווען פאַרטראָטען אין ברידזשפּאָרט. זיי האָבען אויסגעדריקט אומצופרידענהייט דערמיט, וואָס מען האָט זיי דעם יאָר אָפּגעריסען פון דער ניו־העיווען דיסטריקט קאָמיטע. פאַרטרעטער פון דער דיסטריקט ברידזשפּאָרט קאָמיטע וועלען באַזוכען די ברענטשעס פון סאַוטה נאָרוואָלק און סטעמפאָרד. ער איז אויך געווען אין פילאַדעלפיא און אַדרעסירט אַ מיטינג פון אַלע אָרטיגע ברענטש עקזעקוטיווס. דער דאָזיגער מיטינג פון די אַקטיווע טוער פון די ברענטשעס וועט זיכער ברענגען גוטע רעזולטאַטען. אין ספּרינגפילד, מאַס., איז ער געקומען נאָך דער קאָנפערענץ, ווייל ער האָט פאַרשפּעטיגט די באַן, אָבער ער איז געווען ביים מיטינג פון בר. 716 און האָט זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען אַלגעמיינע און לאָקאַלע פראַגען.

פר. לעוויטאַן איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ אין וואָוסטער, מאַסס. עס זיינען דאָ אויסזיכטען, אַז דאָרט זאָל געטאָן ווערען גוטע אַרבעט. זיי מאַכען פאָרבאַרייטונגען צו עפענען אַן אַרבעטער־רינג קינדער־שולע. די דיסטריקט קאָמיטע האָט באַשטימט צו רופען ספּעשעל מיטינגען פון די ברענטשעס אין פאַרבינדונג מיט די רוסישע רעליף־אַרבעט. אין גיכען וועט אין וואָוסטער אַראַנזשירט ווערען אַ גרויסער מאַססמיטינג און קאָנצערט, אום צו קומען אין באַרירונג מיט דער אָרטיגער פּראָגרעסיווער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון לין, מאַסס., און האָט זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען מעמבערשיפּ קאַמפּיין, ווי אויך וועגען די רוסישע רעליף־אַרבעט. זיי האָבען באַשטימט צו שיקען זייערע ביישטייערונגען דורכ'ן דזשענעראַל אָפיס.

פר. בוילין, רעדאַקטער פון „פריינד", איז געווען אין באַלטימאָר און האָט אַדרעסירט אַ מיססמיטינג, וועלכער איז אַראַנזשירט געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט.

די קליוולאַנד דיסטריקט קאָמיטע האָט אויסגעאַרבעט פּלענער פאַר אָרגאַניזאַציאָנס און רעליף טעטיגקייט און געלאָזט וויסען אַז זיי וועלען די געלדער, געקליבען פאַר די רוסישע הונגער־לוידענדע, אין גיכען צושיקען צום דזשענעראַל אָפיס.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע גיט אָפּ אַ סך פון איר צייט פאַר דער רעליף פאַר די רוסישע הונגער־לוידענדע. זיי

האבען זיך געשטעלט אלס ציל צו באזוכען אלע ברענטשעס פון ניו־יארק, און א דאנק זייער ארבעט, באווילינען פילע ברענטשעס ביי־שטייערונגען פאר דעם פאנד.

בר. 620, ניו־יארק, האט געהאט א סכסוך מיט א מיטגליד, וועמען זיי האבען באשטימט צו טרענספערירען פון זייער ברענטש, ווייל יענער האט פארעפענטליכט אין דער פרעסע א בריף געגען א געוויסען באשלוס פון ברענטש. די ניו־יארק סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע האט די זאך אונטערזוכט און באשלאסען, אז דער ברענטש קען אים צוליב דעם ניט טרענספערירען די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט באשלאסען גוטצוהייסען די האנדלונג פון דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע.

אין פעטערסאן זיינען גערופען געווארען ספעשעל מיטינגען פון די ארטיגע ברענטשעס, וועלכע זיינען באזוכט געווארען פון פר. לעוויטאן און אים (דינערשטיין). ביי יעדען ברענטש מיטינג האט מען זיך דורכגערעדט מיט די מיטגלידער וועגען אונזערע קאמפיינס, ווי אויך וועגען זייער ארטיגער פראגע אין באצוג די מעמבערס עט לארדזש, וועלכע האבען פארלאנגט, אז מען זאל פאר זיי באווילינען א באזונדערן ברענטש. נאכדעם ווי די נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע האט די זאך גענוי אונטערזוכט, איז זי געקומען צום שלוס, אז מען קען פאר די מעמבערס עט לארדזש קיין באזונדערן ברענטש ניט באווילינען.

אין פארטסמוטה, ווא., איז אראנזשירט געווארען א „טעג־דעי" אויף דעם 14טען דעצעמבער פאר די רוסישע הונגער־ליידענדע. דער רעזולטאט פון טעג־דעי איז נאך ניט באקאנט.

ס'איז באשלאסען געווארען צו אראנזשירען אן ארגאניזאציאנס־טור פון ניו־יארק אזוי ווייט ווי דעטראיט און באזוכען און אויפלעבען די ברענטשעס.

דער ווערארט פון דער נאצ. ארג. קאם. ווערט גוטגעהייסען.

## וועגען לעקטשור־טור

פר. לעסין פון דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע דערקלערט, אז פר. מרמר, וועלכער האט געזאלט ארויספארען אויף'ן לעקטשור־טור, האט געלאזט וויסען, אז ס'וועט פאר אים אוממעגליך זיין צו פארען.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט די פראגע פארהאנדעלט און באשלאסען צו רעקאמענדירען, אז פר. מ. האלטמאן זאל ארויסגעשיקט ווערען אויף א לעקטשור־טור איבער'ן לאנד. עס ווערט באשלאסען אנצונעמען די רעקאמענדאציע פון דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע.

---

פר. געליבטער דערקלערט, אז די א. ר. מעדיצינישע הילפס־קאמיטע האט אראנזשירט א טעאטער־אונטערנעמונג אויף פרייטאג דעם 23טען דעצעמבער. די קאמיטע איז מיט דער מיינונג, אז עס זאל אין טעאטער געמאכט ווערען א קאלעקשאן פאר דעם א. ר. האספיטאל פאר רוסלאנד. די קאמיטע וויל אבער הערען די מיינונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו וועגען דער פראגע.

דער סענטימענט פון דער עקזעקוטיוו איז, אז קיין קאלעקשאנס זאלען ניט געמאכט ווערען.

## וועגען צווייטען יאר בענעפיט

פר. געליבטער מאכט אויפמערקזאם, אז דעם ערשטען יאנואר גייט אריין אין קראפט די העכערונג פון קראנקען־בענעפיט, דאס הייסט, אז עס וועט געצאלט ווערען 8 דאלאר אנשטאט 6 דאלאר א וואך קראנקען־בענעפיט. דער קאנווענשאן רעפערענדום וועגען דער פראגע איז אבער ניט קלאר וויפיל צו צאלען פאר דעם צווייטען יאר בענעפיט פון דער זעלבער קראנקהייט, צי 4$, צי $6 א וואך. פר. געליבטער דויטעט אן, אז לויט דעם העכערן אסעסמענט, וואס איז באשטימט געווארען פאר דעם קראנקען־פאנד, דארף די צאלונג זיין פאר'ן צווייטען און דריטען יאר בענעפיט $4 א וואך. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע אויסצוטייטשען דעם דאזיגען פונקט פון לעצטען קאנווענשאן־רעפערענדום.

---

פר. ר. גוסקין, טשערמאן פון ארב. רינג, ווערט באאויפטראגט צו רעפארטען ביי דער נאצ. באארד און דירעקטארען וועגען דער טעטיגקייט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע.

דער מיטינג ווערט דאן געשלאסען.

פ. געליבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## סט.־פאול'ער א. ר. לאאן אסס'ן — א מוסטער פון אן ארבעטער־אינסטיטוציע!

מיט אומגעפער צוויי און א האלב יאר צוריק איז געגרינדעט געווארן די סט.־פאול'ער א. ר. לאאן אסס'ן. דער צוועק פון אט דער א. ר. לאאן אסס'ן איז נאטירליך געוועזען ארויסצוהעלפען מיטגלידער פון א. ר. בפרט און סתם ארימע אידען בכלל. ווען זיי נייטיגען זיך אין אביסעל געלט און ווען זיי דארפען עס גאנץ נייטיק, קענען זיי עס נישט באקומען אין די הייגטיגע קאפיטאליסטיישע בענק איידער זיי פאר'משכונ'ען זייער ביסעל האב און גוטס, און נאך דערצו שינדט מען פון זיי די הויט אין פארם פון פראצענט. און פאר דעם צוועק דערפילט אט די א. ר. לאאן אסס'ן איר אויפגאבע זייער גוט. יעדער איינער קבצן ווייס, אז מען קאן אין א. ר. לאאן אסס'ן באקומען געבארגט געלט אויף לייכטע אויסצאלונגען און פאר זייער ביליגע פראצענט. עס מוז אבער דא אנגעוויזען ווערען דאס די א. ר. לאאן אסס'ן, געפירט פון מיטגלידער פון א. ר., האט זיך גענומען די אויפגאבע צו מאכען פון אט דער א. ר. לאאן אסס'ן אן אידעאלע ארבעטער־אינסטיטוציע, וואס זאל ווירקליך ווערט זיין צו טראגען דעם נאמען פון אונזער ארבעטער־ארדען א. ר., און אט מיט וואס: די א. ר. לאאן אסס'ן האט געמאכט איר אויפגאבע צו שטיצען אלע ראדיקאלע ארבעטער־אינסטיטוציעס, סיי פון אירע אייגענע פראפיטען און סיי דורך ספעציעלע אונטערנעמונגען און ביישטייערונגען (טעקסעס) אויף אירע מיטגלידער. פאר דער קורצער צייט, וואס די א. ר. לאאן אסס'ן עקזיסטירט, האט זי באוויזען צו שטיצען דעם א.ר. רעליף פאנד מיט $75.00, דעם סט.־פאול'ער לייבאר לייסעאום מיט $150.00, די סט.־פאול'ער א. ר. קינדער־שולע מיט $25.00. אין דעם איז נישט אריינגערעכענט די שטיצע, וואס מען וועט אוועקגעבען ביים ענדע פון דעם יאר, וועלכע וועט באטרעפען נישט ווייניגער ווי בערך 300—350 דאלער.

איך וויל דא אויפמערקזאם מאכען אונזערע א. ר. ברענטשעס אין די קליינע שטעט, אז אט די א. ר. לאאן אסס'ן האט אריינגעברענגט א נייע נשמה אין די א. ר. ברענטשעס, עס האט פאקטיש פארגרעסערט די מיטגלידערשאפט, און מיר האבען אויך די געלעגענהייט צו אדווערטייזען אונזער אלגעמיינע ארבעט און אונטערנעמונגען, און אויך צו אגיטירען פאר אונזערע טאציאליסטישע אידעאלען צו א גרויסער צאל מענשען.

די פארוואלטער פון סט.־פאול'ער א. ר. לאאן אסס'ן קאנען נאר זיין די יעניגע, וועלכע זיינען מיטגלידער אין א. ר. א שער קאסט צען דאלער און איז גאראנטירט מיט 6 פראצענט. די יעצטיגע פארוואלטער זיינען ווי פאלגט: פרעזידענט, ל. לעוו; וויס־פרעזידענט, נ. וואַרד; טרעזשורער, א. קאראפאף; סעקרעטאר, ב. מאלינסקי; באארד אף דירעקטארס, י. גודמאן, מ. גאלדשטיין, נ. יאצער, י. רייכמאן, ס. כמאריאק.

די אלע סט.־פאול'ער א. ר. מיטגלידער, וועלכע זיינען נאך נישט קיין מיטגלידער אין דער א. ר. לאאן אסס'ן, אדער זיי האבען נישט גענוג שערס, דארפען זען דאס גוטצומאכען און העלפען אט די נאבעלע ארבעט, ווייל דער א. ר. האט זיך געגרינדעט צוליב זעלבסטהילף און נישט צוליב קיין צדקה, אין דאס פירט דורך די סט.־פאול'ער א. ר. לאאן אסס'ן.

— אריעזר.

---

## באריכט פון וויסקאנסינער סטייט־קאנפערענץ

די סטייט קאנפערענץ איז אפגעהאלטען געווארען אין קענאשא, וויסקאנסין, זונטאג דעם 4טען דעצעמבער, 1921.

פאלגענדע דעלעגאטען זיינען אנוועזענד געוועזען: ה. שפייזמאן און ה. י. קארען פון בר. 425, י. גיזבורג און מ. קאראקאווסקי פון בר. 484, י. טוירנער פון בר. 644, מירוואקי, דזש. מארקס פון בר. 187, קענאשא, מ. יאפע פון בר. 269, שעבאיגען, דזשייקאבסאן פון בר. 432, ראסין, ס. עדינבאן פון בר. 479, מעדיסאן, און מ. טאגער פון דער דיסטריקט ארגאניזאציאנס קאמ.

אויף דער ערשטער זיצונג איז פר. מארקס געוועזען פארזיצענדער און ה. י. קאהען סעקרעטאר.

דעלעגאט טאגער, סעקרעטאר פון דער דיסטריקט ארגאניזאציאנס קאמיטע, גיט אפ דעם באריכט פון די טעטיגקייטען פון דער קאמיטע פאר די פארגאנגענע דריי מאנאטען. ער שטעלט זיך אמבעסטען אפ אויף דער פראגע וועגען דער א. ר. שולע. דער גענעראל אפיס האט פארזיכערט צוגעשיקט $100 פאר דער שולע, אז ביידע די ברענטשעס 168 און 425 האבען שוין איינגעצאלט זייער טעקס פאר'ן פארגאנגענעם קווארטאל. די אפיציעלע ערעפענונג פון דער שולע, וועלכע איז געפייערט געווארען דעם 11טען נאוועמבער דורך א קאנצערט און מאססמיטינג, איז געוועזען א פינאנציעלער און מאראלישער ערפאלג. די למודים האבען זיך אנגעפאנגען דעם 15טען נאוועמבער און די שולע איז יעצט דער געשפרעך פון טאג אויף דער אידישער גאס אין מילוואקי. אונזער לערערין, פריינדין מלכה טוזמאן, באזיצט די פעדאגאגישע פעאינקייטען, וועלכע נויטיגען זיך פאר א מאדערנער ראדיקאלער שולע.

די דיסטריקט קאמיטע האט ערוויילט אז עדיוקיישאנאל קאמיטע, וועלכע זאל דורכפירען מיזיקאלישע און ליטעראַרישע אונטערהאלטונגען און לעקטשורס ביי די מיטינגען. ער שלאגט אויך פאר איינינע רעקאמענדאציעס צו דער סטייט קאנפערענץ.

נאכדעם ווי דער באריכט פון סעקרעטאר ווערט גוטגעהייסען, ווערען די רעקאמענדאציעס פארהאנדעלט און עס ווערען אנגענומען פאלגענדע באשלוסען: 1) אנצופירען א מיטגלידערשאפט־קאמפיין, אנפאנגענדיג פון 1טען יאנואר 1922 ביזין 1טען מאי. 2) די דיסטריקט קאמיטע אין מילוואקי און די ברענטשעס פון די אנדערע שטעט אין וויסקאנסין זאלען דורכפירען אונטערנעמונגען פאר'ן בענעפיט פון דעם 25 פראצענט דארא־דרייוו, וועלכער ווערט יעצט אנגעפירט פון ארבעטער־רינג פאר'ן „ראיאס". 3) עס זאלען דורכגעפירט ווערען לעקטשורס, דיסקוסיעס, רעציטאציעס, ליטעראַרישע און מוזיקאלישע אינטערהאלטונגען ביי די מיטינגען פון די ברענטשעס. 4) צו אינדארסירען די הויעך קאמיטע פון א. ר. ביידע אויף אזוי פיל וויפיל זיי ווילען זיין טעטיג אים אויפצוהאלטען די סאציאליסטישע און דעמאקראטישע טראדיציעס פון א. ר. און די פרינציפען אויף וועלכע דער א. ר. איז ארגאניזירט געווארען. 5) צו נעמען אן אקטיווען אנטייל אין דער הילפס־ארבעט פאר די הונגער־ליידענדע אין רוסלאנד. 6) זיך דורכשרייבען מיט שיקאגאר דיסטריקט ארגאניזאציאנס קאמיטע וועגען ארגאניזירען א מעדיקאל דעפארטמענט פאר די מידל וועסטערן סטייטס. 7) דער נעקסטער סטייט קאנפערענץ זאל פארקומען דעם ערשטען זונטאג אין אפריל אין שעבאיגען. 8) צו פארעפענטליכען דעם באריכט אין „פריינד". 9) די דיסטריקט קאמיטע זאל נעמען א שטעלונג אין דער פראגע וועגען בר. 479 און שיקען א פארטרעטער אהין אזוי שנעל ווי מעגליך.

די דעלעגאטען און די מיטגלידער פון בר. 187 האבען נאך דער קאנפערענץ פארבראכט א פאר שטונדען באנקעט־מעסיג. עס זיינען אויך געזאמעלט געווארען איבער 20 דאלאר פאר די הונגער־ליידענדע אין רוסלאנד. דער סטייט קאנפערענץ האט אריינגעגעבען מער לעבען אין באגייסטערונג אין דעם אימער טעטיגען בר. 187.

הערי י. קאהען, סעקרעטאר.

---

## פון בר. 26 א. ר.

מיר לאזען אייך וויסען, אז מיר האבען געשטראכען אונזער געוועזענעם סעק. פר. פישער פון בר. לויט די געזעצען פון אונזער קאנסטיטוציע, ארטיקעל 13, פונקט 2. באשלאסען דאס צו פארעפענטליכען אין „פריינד".

בר. 26, קאסאווסקי, סעק.

# טרויער רעזאָלוציעס

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיל צו אונזער פריינד און גענ. סעקר. פון א. ר. יוסף באסקין און זיין פרוי, אויף דעם אומגליק וואס האט זיי געטראפען, פארלירענדיג זייער איינציג קינד.

די אנגעשטעלטע אין גענעראל־אפיס פון א.ר.

---

מיט געבויגענע קעפ און שווערען געמיט דריקען מיר, די מיטגלידער פון בר. 121, אויס אונזער טיפסטען באדויערן אויף דעם טויט פון אונזערע פריינד איזי נאכעמסאן און איידא ראַזען. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיל צו זייערע פאמיליעס.

מאריס לעווין, רעק. סעק בר. 121.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינד און מיטגליד אהרן מארשאל, וועלכער איז פלוצלונג געשטארבען אין דעם עלטער פון 41 יאר און איבערגעלאזט א פרוי מיט 3 קליינע קינדער. אונזער טיפסטע סימפאטיע צו דער גאנצער פאמיליע.

אייזיק פראנער, סע. בר. 198.

---

מיר דריקען אויס אונזער באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון דער פרוי פון אונזער רעקארדינג סעקרעטער פריינד א. באום. מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו פר. באום און צו זיין 12־יעריגען זון, אז די צייט זאל היילען זייערע שרעקליכע וואונדען, פאראורזאכט פון דעם גרויסען אומגליק וואס האט זיי געטראפען. מיט געבויגענע קעפ,

בר. 610 ; י. מארקוס, סעקר.

---

מיר באדויערן פון טיפען הארצען דעם טראַגישען טויט פון אונזער אלעמענס באליבטען פר. סעם פייגין. אונזער פריינד איז אנטלאפען פון דער רוסישער ארמיי אין צייט פון קריג און איז קומענדיג קיין אמעריקע געדרעפטעט געווארען אין דער אמעריקאנער ארמיי, ווידער געווען אין קריג און איז ארויס אומבאשעדיגט. דינסטאג דעם 22טען נאוועמבער, 10 א זייגער ביינאכט, אהיים גייענדיג פון דער ארבעט, איז ער אויף א גרויזאמען אופן ערמארדעט געווארען פון אן אומבאקאנטען מערדער אין דער עלטער פון 24 יאר. ערע זיין אנדענקען, טרייער חבר!

מ. דזשייקאבס, סעק. בר. 303, בירמינגהאם.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינדין ראזי סאלאוויי. אונזער פולע סימפאטיע צו אירע קינדער און פאמיליע.

בר. 136 ; מאקס וואלדמאן, האספיטאלער.

---

מיר, מיטגלידער פון בר. 22 א. ר., פון ניו־בריטאן, קאנג., דריקען אויס אונזער טיפסטען באדויערן און סימפאטיע צו דער פאמיליע פון אונזער פארשטארבענעם פריינד בארנעט קאהען. ערע זיין אנדענקען!

י. ליכט, סעקרעטאר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיל אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער חבר און איבערגעגעבענעם פריינד מאקס הויש. מיר פארזיכערן זיין טרויערנדע אלמנה און יתומים, אז מיר וועלען האלטען זיין אנדענקונג ביי אונז הייליג און טייער.

איזראיל, קאטץ, סאל ראזינאף, פ. אלדערמאן, ר. איידעלמאן, קאמיטע בר. 514.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון מיטגליד און פר. שייפער און פילען מיט דעם פארלוסט וואס די פאמיליע האט געהאט. ערע זיין אנדענקען!

י. גאלדסמיט, ה. גארדאן, קאמ. בר. 546.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און טיפסטען מיטגעפיל צו אונזער פר. דזש. זלאטניק און פאמיליע אויף דעם טויט פון זייער 9־יאריגען זון, וואס האט אים געטראפען אן עקסידענט. מיר האפען אז ער זאל מער קיין צער ניט האבען.

בר. 27 ; נ. אקסעלראד, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיל און טרויער מיט אונזער פר. מ. קאהאן, אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין יונגען קינד. זאל די צייט פארהיילען זיין וואונד.

בר. 27 ; נ. אקסעלראד, רעק. סעק.

---

מיט אראפגעלאזענע קעפ שטייען מיר פאר דיר, טייערער פריינד אייזיק עדוואַרד. 14 יאר האסטו געוואכט איבער אונז, ווי א געטרייער פאטער איבער זיינע קינדער, אבער פלוצלונג, דורך אן אומגליקס־פאל, ביזטו פון אונז צוגענומען געווארען. אומפארגעסליך וועסטו ביי אונז זיין, ביז אונזער לעצטען אטעם־צוג.

רעז. קאמ.: ל. גינזבערג, מ. שאפירא, אבראמאוויץ, פוכאוויצקי, בעסין, בר. 133.

---

מיר דריקען אויס אונזער באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מעמבערס פרוי בוניע סימענאף. אונזער טרייסט און סאמפאטיע צו אונזער מעמבער בענדזשאמין סימענאף און מיר ווינשען אים אז די צייט זאל אויסהיילען זיינע וואונדען.

מאררים שאפירא, פינ. סעק. בר. 133.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען באדויערן אויף דעם שרעקליכען פריצייטיגען טויט פון פר. ווילהעלם עדווארדס, וואס איז אומגעקומען אין אן אומגליקס־צפאל.

פר. עדווארדס איז פאר א לאנגער צייט געווען איינער פון די אקטיווע טוער אין אונזער בר., פאר וועלכען ער האט אוועקגעגעבען פיל צייט און מי, און כאטש ער האט זיך טראנספערירט שפעטער צו בר. 133 פילט איצט אונזער ברענטש דעם גרויסען פארלוסט, מיט זיין טויט פאר'ן גאנצען ארבעטער־רינג.

אונזער טיפסטער מיטגעפיל צו זיין טרויערענדער פאמיליע!

ווילנער פראגר. בר. 28 א. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און מיטגעפיל איבער דעם טויט פון אונזער מיטגליד מרס. מ. זימעל צו אונזער פריינד מ. זימעל. ווערט געטרייסט טייערער פריינד.

ס. מאסקאוויץ, סעקר. בר. 395 א. ר.

---

מיר באדויערן שטארק דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינד מאררים יאפפעס אן איינציגע טאכטער, רחל יאפפע. ערע איר אנדענקען!

סעם ראַווים, סעק. בר. 488 א. ר.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 174, באדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון מרס. זיידעל, די פרוי פון אונזער פריינד דזשייקאב זיידעל. אויך באַדויערן מיר זייער שטארק דעם אומגליקספאל וואס האט געטראפען ביי דער לויה פון מרס. זיירעל, ווען דער פארטש האט זיך איינגעבראכען און 18 מענשען זיינען פארוואונדעט געווארען, און צוויישען וועלכע אונזער פר. זיירעל האט זיך אויך געפונען און צעבראכען א האנט. מיר ווינשען אלע פארוואונדעטע א רפואה שלמה!

אין נאמען פון בר. 174, די קאמיטע.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 174 באדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון מרס. פאלסקי, די מוטער פון אונזערע 8 מיטגלידער, וועלכע איז פארוואונדעט געווארען ביי דער לויה פון מרס. זיידעל און נאך שווערע ליידען האט זי אויסגעהויכט איר לעצטען אטעם.

אין נאמען פון בר. 174, די קאמיטע.

---

מיר דריקען אויס אונזער באדויערן און שמערץ אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזערע ניט לאנג פארשטארבענע פריינד, מרס ליגע מארשאק און מרס. עני דוקאר. מיר דריקען אויס טרייסט און סימפאטיע צו זייערע פארבליבענע פאמיליעס. ערע זייער אנדענקען.

בר. 96 ; נייטחען חיים, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפען באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון פריינדין מרס. שרה ראססאן, די פרוי פון אונזער מיטגליד שמעון ראססאן, און מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיל צו דעם אלמן און צו די צוויי איבערגעבליבענע יתומים'לאך.

בר. 068, ס. סטאלערמאן, טשערמאן פון עקז.

---

מיר די מיטגלידער פון בר. 171, לויסטאן און אויבערין, מעין, באדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער באליבטען פריינד אלעזר אקום, געשטארבען דעם 9טען יאנואר 1022. מיר דריקען אויך אויס אונזער טיפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און 3 קינדער.

רעז. קאמ.: ה. שייפער, ה. ביל, ס. גרענט.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 65 א ר., דריקען דאמיט אויס אונזער שמערץ אויף דעם פארלוסט פון די קינדער פון אונזער פריינד סעם קאהען, און אויף דעם פארלוסט פון א קינד פון פריינד ה. צייטלין. זאל זייער אנדענקען דערוועקען אין אייך געפילען פון לינדערן מענשליכע ליידען און דערוועקען אין אייך א פארלאנג צו זיין טעטיג אין דער ארבעט פון אפשאפען די יעניגע אומשטענדען, וואס מאכען מעגליך אזוינע טראגישע פאלען. זייט געטרייסט!

בר. 65 א. ר. ; א. אלשער, סעקר.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 508, דריקען אויס אונזער טרויער אויף דעם פארלוסט פון אונזער פריינד איזי בראדסקי, און דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו דער אלמנה און יתומים. ערע זיין אנדענקען!

ב. וויזענבערג, סעקר. בר. 508.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און מיטגעפיל צו דעם פארלוסט פון אונזערע צוויי מיטגלידערס קינדער, וואס זיינען נעשטארבען מיט א פריצייטיגען טויט.

בר. 185 ; ה. פריינד, סעקר.

מיר טרויערען צוזאמען מיט אונזער מיטגליד דזש. בראנשטיין נאך דעם פארלוסט פון זיין ליבענדער פרוי און מוטער, דזש. בראנשטיין.

מ. קליין, סעק. בר. 192, באפאלא.

---

מיר באדויערן דעם פארלוסט וואס אונזער מיטגליד און פריינד האט געליטען, פארלירענדיג זיין ליבע טאכטער, 9 יאר אלט.

בר. 192 ; מ. קליין, סעקר.

---

# פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ-טיש

## די פעטערסאָנער א. ר. שול

ס'איז שוין צייט, אז די פעטערסאנער אידישע ארבעטער זאלען א טראכט טאן וועגען זייערע קינדער. אנשטאט זיי צו דערציען אין א מאַדערנעם ראדיקאלען גייסט, לאזט מען די קינדער איבער צו דעם פאטריאטיזם פון דער פאבליק־סקול אדער פון דער גאס. און די קינדער קענען ניט די שפראך פון די עלטערן, ווייסען ניט זייער געשיכטע און פארשטייען ניט זייערע אנשוי־אונגען.

כדי די פעטערסאנער ארבעטער זאלען האבען א מעגליכקייט צו געבען זייערע קינדער א געהעריגע ראדיקאל אידישע ערציאונג, ווי מיר פארשטייען, האט דער א. ר. געעפענט א קינדער־שול, וואו מ'לערנט מיט די קינדער: אידיש, אידישע ליטעראטור, אידישע געשיכטע, שמועסען וועגען צייט־פראגען, געזאנג א. אז. וו.

די שולע האט א סך פראגרעסירט. דעם 7טען יאנואר האבען די קינדער געהאט א יום־טוב. ס'איז געווען א פארגעניגען דארט צו זיין און הערען דאס געזאנג, די דעקלאמאציעס און די רעדעס (פון קינדער) און זען דעם שיין־דעקאַרירטען זאל, און די גאנצע הארמאניע, וואס האט דארטען געהערשט. אלע זיינען געווען באַגייסטערט, און אויב די פעטערסאנער ארבעטער זאלען וועלען, וועלען אזעלכע שמחות פון די קינדער מיט די עלטערן פארקומען גאנץ אפט.

די שול איז אפען יעדען טאג. די צאלונגען זיינען געמאכט געווארען אזוי קליין, אז אלע ארבעטער זאלען קענען שיקען זייערע קינדער. מיר רעכענען 30 סענט א וואך פאר איין קינד און 50 סענט פאר צוויי קינדער.

אין איין וועגס ערלויבט מיר אויסצודריקען א דאנק דעם בילד. קאמ. פאר די צוויי קרעפטען, אל. הערים און קאטעלאנסקי, וואס זיי האבען אונז געשיקט צו דער אונטערנעמונג פון דער שול דעם 28טען יאנואר. כאטש צעטערסאן לעבט איצטער איבער א גרויסען קריזיס, פינדעסטוועגען איז געקומען זייער א גרויסער עולם, אזוי גרויס, אז מיר זיינען געווען געצוואונגען צו פארמאכען די טירען.

סיי הערים און סיי קאטעלאנסקי האבען געוואלטיג אויסגענומען ביים עולם. ס'איז געווען א הארציגער קאנצערט פול מיט לאכען און פארגעניגען און יעדען איינעם האט הנאה געטאן, וואס די צוויי קרעפטען זיינען געקומען צום קאנצערט.

מיט גרוס,
הנה לייב,
סעקרעטארין פון דער פעטערסאנער א. ר. שול.

---

ווערטער רעדאקטער:

זונטאג דעם 11טען דעצעמבער, אויף דער קאנפערענץ פון דער 15נער קאמיטע אין פילאַדעלפיא, האט אונזער גענעראל סעקרעטאר, פר. באסקין, דערקלערט, אז דער אפיס ניט אלע מאל

To the Postmaster:—Please give key number of all notifications pertaining to change of address

# FRIEND

# פריינד

אפיציעלער
ארגאן
פון
ארבייטער
רינג




## אינהאלט:



מערץ־אפריל, 1922

THE FRIEND OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE Feb.-Mar., 1922.

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

**Published Monthly**

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

**Office of Publication:**
331 Pennington Ave., Passaic, N. J.
**General Office:**
175 East Broadway, New York City.

**Subscription Rates:**
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

VOL. XIII. MARCH-APRIL 1922 No. 3-4

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

באַרג אַרויף  די לעצטע עטליכע וואָכען האָבען באַוויזען,
וואָס אַרבעט און פרייוויליגקייט קענען אויפטאָן.

ניט נאָר איז די אַטאַקע פון דער שטרייך־מגפה צוריקגעשליידערט געוואָרען; ניט נאָר האָבען מיר אָנגעהאַלטען אונזערע ביז־אַהעריגע פּאָזיציעס, נאָר מיר האָבען ווידער גענומען גיין אַרויף. עס וועט געוויס זיין אַ פרייד פאַר יעדען אַ. ר. מיטגליד צו לעזען, אַז אַ מאַסע נייע מיטגלידער זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין די לעצטע צוויי מאָנאַטען און אַ היבשע צאָל נייע ברענטשעס זיינען אינסטאָלירט געוואָרען. זיי באַשטייען צום גרעסטען טייל פון אַ יונגען אַגרעסיווען עלעמענט. פיל פון זיי ערשט ניט לאַנג אַריבערגעקומענע פון פוילען, גאַליציע און ליטע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר קענען זיך נאָך דערוויייל ניט דערלויבען אָפּצורוען זיך און אַביסעל אָפּכאַפּען דעם אָטעם. ביז דער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ זיינען נאָך פאַראַן אַ היבשע עטליכע וואָכען, און וועלכע מיר קענען פיל אויפטאָן. דער קריזיס האָט אין עטליכע פאַכען אָנגעוואָרען זיין שאַרפקייט. דאַרפען מיר דאָס אויסנוצען. עס זיינען אין דעם מאָמענט אויך ניטאָ קיין גרויסע סטרייקס. דאַרפען מיר דאָס ווידער ניט אַדורכלאָזען. דער יוניאָן־עלעמענט איז פאַר'ן אַ. ר. דער וויכטיגסטער עלעמענט, וועלכען עס לוינט זיך צו באַאַרבעטען. וויכטיג צוליב פאַרשידענע טעמים: דאָס איז אַן אָרגאַניזאַציאָנס־מעסיגער עלעמענט, דאָס איז אַ פּראָגרעסיווער עלעמענט, און וואָס עס איז אונז אַמוויכטיגסטען — עס איז אַן עלעמענט פון 100 פּראָצענט אַרבעטער. מיר מעגען האָבען פאַר זיך דעם קיינמאָל נאָך ניט אויסגענוצטען מאָטאָ: דער פּלאַץ פון די אידישע יוניאָן־מיטגלידער איז אין אַ. ר. און ניט אין די בירגערליכע אָרדענס!

מיר מוזען אָבער אויך זען, אַז די איבעריגע קאַמפּיינס, וואָס מיר פירען אָן פאַר די פאַרשידענע רעליף־צוועקען זאָלען אויך אָנהייבען צו גיין באַרג אַרויף. ביז יעצט האָט דער ביטערער קריזיס געשטערט אונזערע טוער צו אַנטוויקלען דעם מאַקסימום פון זייער ענערגיע אין די קאַמפּיינס. מיר מוזען אויף איין מינוט ניט פאַרגעסען, אַז דער הונגער אין רוסלאַנד איז נאָך ניט צו ענד. די קומענדיגע מאָנאַטען וועלען געוויס זיין די ע ר נ ס ט ע מאָנאַטען. ביז די פעלדער אין די וואָלגעגענדען וועלען ניט זיין געפּינטעלט מיט מיליאָנען סנאָפּעס תבואה וועט די קאָסע פון הונגער שניידען אויף רעכטס און לינקס אָן אַן אָפּלאָז. מיר מוזען טאָן אַלץ וואָס מיר קענען צו העלפען דער הונגעריגער באַפעלקערונג פון דער איינציגער אַרבעטער־רעפּובליק אויף דער וועלט. מ י ר מוזען עס טאָן. מיר ווייסען וואָס פאַרע שטיינער עס ליגען פאַרבונדען אין די פּאַלעס פון די הואווער־ישועות. מיר קענען זיך פאָרשטעלען ווי עס איז צום האַרצען דעם רוסישען רעוואָלוציאָנערען פאָלק אָנצונעמען די הילף פון יענע, וואָס האָבען נאָך ניט אויפגעגעבען זייערע פינסטערע פּלענער צוריק אויפצושטעלען דאָרט די מאַכט פון די פּריצים און בורזשואַזיע. זאָלען מיר אַמווייניגסטענס זען, אַז אונזער הילף זאָל דערמוטיגען, אין דערזעלבער צייט, ווען זי וועט שטילען דעם הונגער. אַז אונזער הילף פון ברויט זאָל אין דערזעלבער צייט דערוואַרעמען אונזערע ברידער דאָרט מיט אונזער אַרבעטער־מיטגעפיל, מיט אונזער סאָלידאַריטעט.

און ניט אויף אַ האָר שוואַכער דאַרף זיין אונזער אַרבעט פאַר דעם אידישען רעליף אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, הויפּטזעכליך פאַר אוקראַינע, ווייס־רוסלאַנד, רומעניע און פוילען. אין די פיר לענדער געפינט זיך איצט אַרום דריי־פערטעל פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק. די פּאָגראָמען און פאַרפאָלגונגען האָבען איבערגעלאָזט אַזעלכע אומגליקס־שפּורען, וואָס וועלען נאָך אַזוי גיך ניט קענען פאַרווישט ווערען. אויף הפקר זיינען איבערגעבליבען עטליכע הונדערט טויזענט יתומים. חרוב זיינען די אינסטיטוציעס, וואָס פלעגען כאָטש עטוואָס לינדערען דעם נויט און עלענד פון די אָרעמע מאַסען. הילפלאָז זיינען די קולטורעלע אַנשטאַלטען, וואָס די אידישע אינטעליגענץ און אַרבעטער־יוגענט האָט אויפגעבויט מיט אַזוי פיל מסירת־נפש. פּוסט זיינען די ביבליאָטעקען, חושך־שוואַרץ די ווענט פון די קינדער־שולען. אין די העכערע לער־אַנשטאַלטען פעלען די סאַמע נויטיגסטע אינסטרומענטען און לער־מכשירים. און מיר ווערען ווידער גערופען צו העלפען זיי אין דער פאַרצווייפעלטער לאַגע.

מיר ווייסען, אַז מיר האָבען שוין פאַר די לעצטע עטליכע יאָר געהערט צו אָפּט דעם פּזמון. מיר האָבען זיך שוין צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק פון חורבן אויף יענער זייט. מיר האָבען שוין אויף די שפּאַלטען פון „פריינד" צענדליגער מאָל וועגען דעם געשריבען און עס קען אויסקומען, אַז עס איז איבעריג, אַז עס איז מער ניט נייטיג אונזער אַפּיל, אונזער ווענדונג.

ווייסען מיר אָבער, אַז כאָטש אונזער געוויסען האָט זיך שוין אין אַ היבשער מאָס פאַרטעמפּט, פון דעם צו־אָפטען אַפּעלירען צו אים, איז עס אָבער ניט אַטראָפירט, ניט טויט. מיר וועלען ניט מיד ווערען צו רופען, צו וועקען, צו דערמאָנען, אַז מיר מוזען זיך ט י י ל ע ן מיט אונזערע ביסענס, אַז מיר מוזען ווידער געבען און נאָך געבען און ניט אויפהערען ביז די לעצטע שאָטענס פון פאַרצווייפעלטען עלענד וועלען ניט אַנטרינען פון יענע לענדער.

און וועלען מיר נעמען גיין באַרג אַרויף אין די צוויי אויבענדערמאָנטע קאַמפּיינס, זאָלען מיר שוין אויך געבען זיך אַ באַדייטענדען רוק פאָרווערטס אין דעם קאַמפּיין פון 25 מויזענט דאָלאַר, וואָס מיר האָבען זיך גענומען צו שאַפען פאַר דעם „האיאס". דערווייל האָבען מיר נאָך ניט געטאָן אַלץ וואָס מיר האָבען געדאַרפט טאָן אין דעם קאַמפּיין. פון פיל ברענטשעס האָבען מיר נאָך גאָרניט געהערט וואָס זיי טוען דערפאַר, אָדער וואָס זיי קלייבען זיך טאָן. וואָס שווייגט איר, פריינט? פאַרוואָס הערט מען פון אייך נוט? רעכענט איר ניט, אַז דאָס איז אַ גאַנץ באַשיידענע סומע פאַר'ן אַ. ר. פאַר אַזאַ נייטיגע אַרבעט, ווי די, וואָס דער „האיאס" טוט? אָדער צי קלייבט איר זיך צו איבעראַשען דעם אָפּיס מיט אַ גרויסער סומע און איר וואַרט, ביז זי וועט זיך אָנזאַמלען. שרייבט אונז און מיר וועלען ויסען אַז מיר קענען אויף אייך בויען, אַז מיר האָבען זיך אין אייך ניט אַנטוישט.

**אונזערע קאנפערענצען**

שוין לאנג שטיל געווען אין א. ר. אויף אונזערע קאנפערענצען. אבער אונזער לעצטע קאנפערענץ צו נאמינירען קאנדידאטען פאר דער נייער גענעראל עקזעקוטיווע האט געבראכען די שטילקייט און עס איז געווארען לעבעדיג, שוין צו לעבעדיג. מיר זיינען זיכער, אז מיר וועלען אין דעם אויסדרוק ניט ווערען מיספארשטאנען. מיר גלויבען נישט אין דער גליקזעליגקייט פון טויטער שטילקייט. מיר זיינען שטענדיג געגען פארגלייווערטקייט און אפאטיע. מיר גלויבען, אז אפטמאל איז א שטורעם איינפאך א נויטווענדיגקייט. עס טרייסעלט זיך אויף די אלטע אטמאספערע און עס אטעמט זיך פרישער און פרייער. מיר האבען קיינמאל ניט קיין מורא פאר דעם צוזאמענשטויס פון אידעען, פרינציפען און וועלט-אנשויאונגען. זאל יעדער גיין אין דעם נאמען פון זיין גאט און פראוווען זיך צו איבערצייגען אנדערע אויך, אז ער איז דער איינציגער. אבער מיר זיינען אנטשידען געגען פערזענליכע צוזאמענשטויסען אין אונזער ארגאניזאציע. מיר זיינען געגען דער רויך- און געז-אטאקע, וואס קען גארניט צוגעבען צו באלייכטען וועלכע עס איז פראגע, נאר טוט אלץ אין דער וועלט צו פארטושען אלץ און צו פארטומלען אלץ.

אין דעם זינען האט די גרופע, וואס האט אנגעמאכט דעם טומעל ביי דעם סוף פון דער קאנפערענץ, געווים ניט פארדינט קיין קאמפלימענטען. מיר ריידען שוין ניט וועגען דעם פארלאזען די קאנפערענץ צוליב א פראגע, וואס איז ביי דער גרויסער מערהייט פון דער קאנפערענץ גאר קיין פראגע ניט געווען. די מינדערהייט האט טאקע געהאט א רעכט צו פאדערען א פלאץ אין דער ציילער קאמ., אבער אזוי האט אויך די מערהייט געהאט ניט ווייניגער רעכט ניט נאכצוגעבען די פאדערונג. מיר ריידען יעצט וועגען די אומפאראנטווארטליכע באשולדיגונגען, וואס עס זיינען געמאכט געווארען, אז דער גענעראל-סעקרעטער איז פייאיג צו פעלשען די צאל פון שטימען, אז די מערהייט פון דער קאנפערענץ באשטייט פון סקעבס און פארקויפטע נשמות, אדער אנדערע ענליכע באשולדיגונגען.

א גוטער אויסנאם איז געווען די צווייטע קאנפערענץ צו קלייבען דעלעגאטען פון ניו-יארקער טעריטאריע צו דער קאנווענשאן אין טאראנטא. זי איז אפגעגאנגען שטיל און רואיג, ווי עס פאסט פאר א פארזאמלונג פון א. ר. פארטרעטער. מיר ווילען האפען, אז זי וועט דינען פאר א גוטען מוסטער פאר די ווייטערדיגע קאנפערענצען און מיטינגען פון אונזער ארדען.

מיר וועלען ניט מיד ווערען צו אפעלירען פאר מער טאקט און טאלעראנץ, פאר מער פריינדשאפטליכע באציאונגען, פאר מער פארשטענדניש פון איינעם פאר'ן אנדערען, אזוי לאנג ווי מיר וועלען האבען צווישען זיך מיינונגס-פארשידענהייטען און שאטירונגען פון וועלט-אנשויאונגען.

* * *

**אידישע ביכער פאר רוסלאנד**

די באוועגונג, וואס האט זיך אויפגעהויבען דורך דער איניציאטיווע פון די אידישע שרייבער אין ניו-יארק צו שאפען אידישע ביכער פאר די ביבליאטעקען, שולען און אנדערע בילדונגס-אנשטאלטען אין סאוויעט-רוסלאנד, איז הארציג אינדארסירט געווארען פון אונזער גענעראל עקזעקוטיוו קאמיטע. א ספעציעלער צושריפט איז צעשיקט געווארען צו די ברענטשעס וועגען דעם און מיר זיינען זיכער, אז אלע פריינד פון דער פראלעטארישער רעפובליק וועלען זיך אריינווארפען אין דער ארבעט.

עטליכע א. ר. ברענטשעס האבען זיך שוין ווארעם אפגערופען און אריינגעשיקט זייערע ערשטע געלט-ביישטייערונגען. דער קאמפיין איז פאר הונדערט טויזענט דאלאר און מיר זיינען איבערצייגט, אז די א. ר. ברענטשעס וועלען האבען אין דעם פאנד א גרויסען חלק. עס איז זיך קוים מעגליך פארצושטעלען א מער רעספעקטאבעלע הילף, א מער ווירדיגע און א מער באוואוסטזיניגע, ווי די אויפלעבונג פון די חרוב'ע ביבליאטעקען, ווי דאס צושטעלען גענוג ביכער און שול-מכשירים צו די הונדערטער אידישע קינדער-שולען, וואס נייטיגען זיך אין דעם.

נעמט אויף די פראגע גלייך אויף אייער טאג-ארדענונג. ערוויילט א ספעציעלע טיכטיגע קאמיטע פאר דעם צוועק, און זאל דאס געזאמעלטע געלט גלייך געשיקט ווערען צו אונזער גענעראל-אפיס.

* * *

**מאיר לאנדאנס יובילעאום**

די ארבעטער-באוועגונג אין ניו-יארק האט דעם 4-טען מערץ געפייערט דעם פופציג-יעריגען יובילעאום פון מאיר לאנדאן דורך א גראנדיעזער אונטערנעמונג.

עס איז שווער אין אייניגע שורות צו געבען אן אפשאצונג וועגען איינעם פון די בארייטענדסטע פיאנערען פון אונזער מאדערנער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע. מאיר לאנדאן איז אבער ניט קיין פיאנער אליין. ער שטייט נאך יעצט מיט אונז, מיט די יוניאנס, מיט דער סאציאליסטישער פארטיי אזוי גאנץ און אומערמידליך, ווי אין יענע יארען, ווען זיינע האר זיינען נאך ניט באשטרייפט געווען מיט גרוי.— די טוער אין דער ארבעטער-באוועגונג האבען פיל צו דערציילען וועגען דעם עלטערען קעמפער. עס צירקולירען שוין יעצט ארום פארשידענע שיינע לעגענדעס וועגען זיין פרייגעביגקייט און מוט, וועגען זיין ארבעטסזאמקייט און זעלבסט-אפערונג. אבער אין די אלע לעגענדעס שטייט לאנדאן פאר אונז אלס א זעלטענער עקזעמפלאר אין אונזער באוועגונג.

און קענען מיר אים ווינטשען צו זיין יובילעאום א בעסערע ברכה ווי די, אז ער זאל נאך דערלעבען די צייט, ווען אויף דעם קאנגרעס-הויז, אין וועלכען ער איז איצט א מיטגליד, זאל שטאלץ און פריי פלאטערען די פאן פון דעם באפרייטען ארבעטער-קלאס.

* * *

**דער יובילעאום פון דוד פינסקי**

אין דעם חודש אפריל וועט די וועלט פון דער אידישער ליטעראטור און קולטור פייערען דעם יובילעאום פון דער דרייסיג-יעריגער ליטערארישער טעטיגקייט פון דוד פינסקי צוזאמען מיט דעם פופציגסטען יאר פון זיין לעבען.

דוד פינסקי איז ניט גלאט אזוי זיך א גרויסער אידישער קינסטלער. שוין אין זיינע ערשטע שאפונגען האט ער געהאט א וואכען אויער און אן אפענע אויג פאר דעם לעבען פון דעם אידישען ארבעטער. ער האט אים מייסטערהאפט געשילדערט אין זיינע ליידען און פריידען, אין זיין קאמף און אפהענגיגקייט, אין זיין ליידענשאפט און איינגעהאלטענקייט. זיין חיים דער משרת האט געמאכט האסטיג קלאפען ניט אין איין אידיש ארבעטער-הארץ. זיין רב שלמה וועט נאך לאנג וועקען א געזונטע ליבשאפט צו יענע פון אונזערע פאטריארכאל-אוניווערזאלע טיפען, וואס האבען געבלוטיגט פאר'ן אמת און יושר און געהאסט פון גאנצען הארצען דערנידעריגונג- און אונטערדריקונג. אין זיינע דראמען, אין זיינע דערציילונגען, אין זיינע אפהאנדלונגען און אין זיינע לידער מערקט זיך אויף טריט און שריט דער דיכטער פון ארבעט, דער קינסטלער פון די מענטשליכע ליידען און קאמפען, פון דער אייביגער ראנגלעניש אין דער מענשליכער נשמה.

זיין יום-טוב איז אן אמת'ער יום-טוב פון דער אידישער ליטעראטור בכלל און פון דער ארבעטער-ליטעראטור בפרט. מיר זיינען שטאלץ מיט זיין ארבעט און שאפונג. מיר זיינען שטאלץ וואס מיר האבען אים אין אונזערע רייען. דוד פינסקי איז אויך א מיטגליד אין אונזער ארבעטער-רינג.

# די לאַנדסמאַנשאַפטען און דער אַרבעטער־רעליף

פון וו. מעדעם

די לאַנדסמאַנשאַפטען טוען אַ גרויסע אַרבעט. זיי קלייבען אַ סך געלט און זיי שיקען אַ סך געלט צו העלפען די נויטבאַדערפטיגע פון דער אַלטער היים. די דאָזיגע אַרבעט האָט אָבער אַ גרויסען חסרון: גראָד די, וואָס נייטיגען זיך אַם מערסטען אין דער שטיצע, און גראָד די, וואָס וואָלטען געקענט אויסנוצען די דאָזיגע שטיצע אויפ'ן צוועקמעסיגסטען און אויפ'ן ריכטיגסטען אופן — די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אויף יענער זייט, באַקומען אַם ווייניגסטען אָדער באַקומען גאָרנישט. דאָס געלט פאַלט אַריין אין די הענט פון פאַרשידענע קהל'שע קאָכלעפעל, פון די אָרטיגע בעל־הבית'ישע „פני", וועלכע צעטיילען עס גלאַט אין די וועלט אַריין, אָדער גיבען דאָס אָפּ פאַר תלמוד־תורות און מקוות און בתי־מדרשים; און די אמת נויטבאַדערפטיגע אַרבעטער־אינסטיטוציעס ווערען באַ'עולה'ט אָדער קריגען גאָרנישט.

אָט קומען אָן פון פוילען, למשל, טרויעריגע ידיעות וועגען דער שרעקליכער לאַגע, אין וועלכער עס געפינען זיך דאָרטען די שולען, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. זייער נויט איז אָן אומבאַשרייבליכע, די לערער באַקומען נישט קיין געהאַלט, די קינדער גייען אַרום נאַקעט און הונגעריג; און אין דער זעלבער צייט ווערען אין אַמעריקע נעקליבען גרויכע סומען געלט, — געקליבען, אַוועקגעשיקט אין די פוילישע שטעט, און פאַלען אַריין אין בעל־הבית'ישע הענט, וועלכע ווילען זיי נישט געבען צו די אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

וואָלטען נאָך די היגע לאַנדסמאַנשאַפטען באַשטאַנען פון לויטער בעל־הבית'ישע עלעמענטען, וואָלט מען ניט געקענט האָבען צו זיי קיין גרויסע טענות: מען שטיצט די „אייגענע מענשען". אָבער אין די לאַנדסמאַנשאַפטען באַטייליגען זיך מאַסען אַרבעטער, אָפטמאָל גאַנצע ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג, און זיי וואָלטען געוויס וועלען, אַז זייער געלט זאָל גיין פאַר ז י י ע ר ע ברידער, טאַקע פאַר די אַרבעטער. ווערט דאָס אָבער פאַרנאַכלעסיגט; מען אינטערעסירט זיך נישט גענוג מיט דער זאַך, און אַלץ בלייבט ביים אַלטען.

די ערשטע, וואָס האָבען זיך יאָ ווי געהעריג פאַראינטערעסירט מיט דער זאַך, זיינען געוועזען די וואַרשעווער ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק. זיי האָבען נישט געוואָלט ווייטער דולדען אַזאַ מין פירען זיך און נישט האָבענדיג די מעגליכקייט צו האָבען אַ גענוג שטאַרקע ווירקונג אויף זייער לאַנדסמאַנשאַפט, האָבען זיי באַשלאָסען אָנצוגיין זעלבסטשטענדיג מיט זייער אַרבעט. זיי האָבען געבילדעט אַ נייע אָרגאַניזאַציע אונטער'ן נאָמען: „ו ו אַ ר ש ע ו ו ע ר  אַ ר ב י י ־ ט ע ר ־ ר ע ל י ף". אין דער דאָזיגער נייער אָרגאַניזאַציע זיינען פאַראייניגט היינט־צו־טאָג פיר וואַרשעווער ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג מיט אָן אַלגעמיינער צאָל פון איבער טויזענט מיטגלידער. זיי האָבען באַשלאָסען צו צאָלען ספּעציעלע דיוס פאַר'ן רעליף־פאָנד און חוץ דעם האָבען זיי זיך גענומען צו מאַכען גרויסע אונטערנעמונגען פאַר'ן זעלבען צוועק. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָבען זיי איינגעאָרדענט אַ פאָרשטעלונג אין איינעם פון די ניו־יאָרקער טעאַטערען, וועלכע איז געוועזען אַ גרויסער ערפאָלג; אַ צווייטע אונטערנעמונג וועט פאָרקומען דעם 26־טען מערץ אין ניו־סטאַר־קאַסינאָ: אַ קאָנצערט מיט'ן אַנטייל פון דעם באַוואוסטען זינגער ווינאָגראַדאָוו. דאָס געלט, וואָס ווערט אויף אַזאַ אופן געשאַפען, ווערט אַוועקגעשיקט דירעקט אין וואַרשע, צו די אַרבעטער־שולען.

ס'איז זייער ווינשענסווערט, אַז די וואַרשעווער לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע, זאָלען זיך פאַראינטערעסירען מיט דער זאַך און צושטיין צו דער נייער אָרגאַניזאַציע. אין יעדער שטאָט איז דאָ צווישען די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג אַ גרויסע צאָל וואַרשעווער. אויב ס'איז אפילו נישטאָ קיין באַזונדערע וואַרשעווער ברענטשעס, ווי אין ניו־יאָרק, קענען אויך די דאָזיגע איינצעלנע מיטגלידער אַ סך אויפטאָן. אין יעדער שטאָט וואָלט געקענט געשאַפען ווערען אַ ספּעציעלע וואַרשעווער אַרבעטער־רעליף קאָמיטע, וואָס וואָלט געקענט אָנגיין מיט דער זעלבער אַרבעט. ס'איז זייער וויכטיג, אַז די וואַרשעווער פריינד, וועמען עס איז טייער די גרויסע און שיינע אַרבעט, וואָס ווערט געפירט אין דער אַלטער היים, זאָלען זיך נעמען צו דער אַרבעט. זאָלען זיי זיך פאַרבינדען מיט'ן ניו־יאָרקער רעליף; ער וועט זיי העלפען אין זייער טעטיגקייט. זאָלען זיי זיך פאַרבינדען מיט'ן פאָרזיצענדען פון דעם היגען רעליף (זיין אַדרעס איז: ל. זינדערמאַן, 305 איסט 118טע סטריט, ניו־יאָרק סיטי), און ער וועט זיי געבען אַלע נייטיגע ידיעות.

עס ווערען געמאַכט באַמיאונגען צו שאַפען אַזעלכע אַרבעטער־רעליף־אָרגאַניזאַציעס אויך פון אַנדערע לאַנדסלייט. מען האָט שוין געלייגט דעם ערשטען שטיין פאַר אַ לאָדזער אַרבעטער־רעליף. עס ווערט אויך געשאַפען אַ רומענישער רעליף. דאָס גלייכע וואָלט געקענט געטאָן ווערען אויך פאַר אַנדערע שטעט און לענדער. אומעטום איז די נויט זייער גרויס, און עס איז צו האָפען, אַז די אַרבעט וועט זיך פאַנאַנדערוואַקסען און ברענגען די בעסטע רעזולטאַטען. זאָל זיך יעדער צונויפרעדען מיט זיינע לאַנדסלייט און תיכף צוטרעטען צו דער אַרבעט.

---

# נו איז וואָס?

פון אַרטור עסעלין

(צו מאַטעס ל.)

נו איז וואָס אַז דו האָסט שוין אַלץ חרוב געמאַכט
און שמייכעלסט אַראָפּ אויף דעם אַש פון דיין גוטס,
אַז אָט טוסטו ווידער די טאָרבע זיך אָן,
און ווילסט שוין זיין ווידער דעם צווייטען צו נוין.

נו איז וואָס אַז דו איינזאַמסט אונעק דיינע נעכט,
און־מאַכסט זיך פון טרערען דאָס קישעלע נאַס;
אַז צו־מאָרגען דערזעסטו די ליכטיגע וועלט,
איז ווידער שוין ליב דיר דער שטיין אויפ'ן גאַס.

נו איז וואָס אַז דו האָסט שוין אַ פּעטליע געמאַכט,
און שלאָפסט מיט אַ פלעשעלע סם ביי דער זייט:
צו וואָס זיך'דאָס נאַרען, אַ זיפץ — און גענוג,
און דער וואָס דאַרף הערען דערהערט שוין פון ווייט . . .

# די אַרבעטער רינג שולען

פון יעקב לעווין

### 3) אויסזעצונגען געגען דער א. ר. שול

עס געפינען זיך נאך היינט צו טאג א גאנצע רייע עלעמענטען אויף דער אידעשער גאס, וואס מאכען פארשידענע אויסזעצונגען געגען דער אידעשער א. ר. שול. דאס זיינען געוויינליך עלעמענטען, וואס זיינען קיינמאל אין אן א. ר. שול ניט געוועזען, האבען זיך ניט געגעבען די מי צו באקענען זיך מיט איר פראגראם און מיט אירע צילען און זויגען זייערע סברות פון זייערע אייגענע פינגער. נאר לאמיר בעראכטען איינס נאך איינס זייערע אויסזעצונגען, וועלכע זיינען גאנץ פארשידען און אפט מאל נעגענזעצליך איינע צו דער אנדערער.

1) שאוויניזם. מען באשולדיגט די אידעשע א. ר. שול, אז זי אנטוויקעלט ביי די קינדער דאס איבערטריבענע נאציאנאלע געפיל, אז זי פלאנצט אין די קינדער איין שנאה צו דאס, וואס איז ניט אידעש. אבער די באשולדיגונג האט פונקט אזא גרונד, ווי ווען מען וואלט געזאגט, אז די א. ר. שול, וועלכע איז דורך און דורך וועלטליך און איז געגען יעדער פארם פון אנטוויקלען דאס רעליגיעזע געפיל ביי די קינדער, אז זי, די א. ר. שול, מאכט פון די קינדער רעליגיעזע פאנאטיקער. די א. ר. שול איז א נאציאנאלע אינסטיטוציע, ד. ה. א אידעשע, בלויז דערמיט, וואס דארט ווערט געלערנט מיט אידישע קינדער אויף דער אידעשער שפראך און וואס די קינדער ווערען דארט באקאנט געמאכט מיט דער אידעשער ליטעראטור און אנדערע טיילען פון דער אידעשער קולטור. פונקט אזוי, ווי עס וואלט געוועזען קאמיש, נאריש און געגענזעצליך צו די אינטערעסען פון די פראנצויזישע ארבעטער, מען זאל פאר זייערע קינדער גרינדען שולען אין ענגליש, אזוי וואלט אויך געוועזען קאמיש פאר די אידעשע ארבעטער צו גרינדען שולען פאר זייערע קינדער, מיט וועמען זיי רעדען אידעש, אויף וועלכער עס איז אנדער שפראך. און פונקט אזוי ווי עס וועט קיין פארנינפטיגען מענשען קיינמאל ניט איינפאלען צו באשולדיגען דעם פראנצויזישען ארבעטער אין שאוויניזם דערפאר, וואס ער לערנט זיין קינד פראנצויזיש און גיט אים לייענען הוגאן, אזוי וועט אויך קיינמאל ניט איינפאלען א מענשען, וואס האט כאטש וויפיל עס איז שכל, צו באשולדיגען אין שאוויניזם א אידעשען ארבעטער אדער א אידעשע ארבעטער־שול דערפאר, וואס זיי לערנען דאס אידעשע ארבעטער־קינד אידעש אדער זיי גיבען אים לייענען פרצ'ן. אין אלע אנדערע הינזיכטען איז די א. ר. שול די באקעמפערין פון יעדען שאוויניזם, פון יעדען איבערטריבענעם נאציאנאליסטישען געפיל, פון יעדען אתה בחרתנ'יזם. זי איז אפילו געגען איינפירען אין דער שול דעם ראמאנטישען בליק אויף דער אידעשער פארגאנגענהייט, געגען איינפלאנצען אין די קינדער די פארשטעלונג, אז יעדע זאך, וואס איז אידעש־אלט, איז שוין דערמיט אליין שיין און גוט. זי איז געגען דעם, מ'זאל לערנען די קינדער פארגלאצען די אויגען אויף צוריק און זוכען זייערע אידעאלען אין דער אפגעלעבטער פארגאנגענהייט, ווייל דאס קען אפציען די אויפמערקזאמקייט פון די קינדער פון דער נעגענווארט און באזונדערס פון דער צוקונפט, וואו עס וועט זיי אויסקומען צו לעבען און שאפען און וואו זיי דארפען זוכען זייערע אידעאלען. די אידישע א. ר. שולע זעט צו אנטוויקלען ביי די קינדער דעם געדאנק, אז די מענשען זיינען גלייך, צו וואס פאר א פאלק זיי זאלען ניט געהערען, און אז עס דארפען ניט זיין קיין אונטערדריקטע פעלקער, פונקט ווי עס טארען ניט זיין קיין פעלקער־אונטערדריקער, און אז די אונטערדריקונג און פארפאלגונג פון די אידעשע מאסען אין וועלכען עס איז לאנד, איז פונקט אזא פארברעכען מצד די ארומיגע, ווי די אונטערדריקונג פון וועמען עס איז אנדערש.

2) ריינקייט פון שפראך. מען איז א לאנגע צייט אנגעפאלען אויף די א. ר. שולען דערפאר, וואס באנוצענדיג די אידעשע שפראך אלס די אונטערריכט־שפראך, פארגרייזט זי זי ניט און פארשמוצט זי ניט; דערפאר, וואס מען זאגט דארט „טיש“ און ניט „טייבעל“, „פענסטער“ און ניט „ווינדאו“, ניט „פאטייטאס, נאר — רחמנא לצלן — „קארטאפעל“. די אנפאלער איז גארניט איינגעפאלען א טראכט צו טאן, אז אין טייבעל, ווינדאו און פאטייטאס ליגט פונקט אזוי וויניג סאציאליזם אדער ראדיקאליזם, ווי אין טיש, פענסטער, אדער קארטאפעל — שאוויניזם. מער ניט, דאס געפיל פון ריינקייט און זויבערקייט זאגט אונטער יעדען פיין־פילענדען מענשען, מען זאל רעדען א שפראך ריין און ניט אריינפלאנטערען אין איר עלעמענטען, וועלכע זיינען געגען דעם וואוילקלאנג פון דער שפראך. די א. ר. שול באקעמפט ניט „דזשאען“, פונקט אזוי ווי זי סימפאטיזירט ניט צו שטארק מיט „יאסלען“. די גאנצע זאך גייט איר זייער וויניג אן, נאר דאס נאטירליכע, געזונטע געפיל פון שיינקייט זאגט איר אונטער, אז ווען מען עסט מיט א לעפעל, דארף דער לעפעל זיין ריין. און נאכמער — אז מען רעדט אויף א שפראך, דארף די שפראך זיין ריין. מאכען אן „אישו“ פון דער דאזיגער פראגע איז העכסט קאמיש, ווייל דאס הייסט קלאפען מיט ביידע פויסטען אין א טיר, וועלכע איז אפען.

3) סאציאליזם. געוויסע קרייזען באשולדיגען די א. ר. שול, וואס מ'לערנט דארט ניט קיין סאציאליזם. אויב סאציאליזם מיינט א קאפיטעל פון מארקסן, פון קאוטסקין, אדער פון לענינען, לערנט מען דארט טאקע קיין סאציאליזם ניט. אבער אויב בלויז אין א קאפיטעל פון די גרויסע סאציאליסטישע לערער אונזערע ליגט צו ווערען א סאציאליסט, דאן וואלט מען געדארפט פון יעדער סאציאליסטישער פארטיי אויסשליסען מן הסתם 99 פראצענט, ווייל זייער, זייער וויניג פון די סאציאליסטישע ארבעטער האבען געהאט די מעגליכקייט און די געלעגענהייט צו לערנען א קאפיטעל פון די גרויסע סאציאליסטישע ווערק. און עס קען זיין, אז גאנץ וויניג פון זיי זיינען צוגעגרייט צו קענען פארשטיין אזא קאפיטעל. נאך ווייניגער, פארשטייט זיך, זיינען קינדער פארבארייטעט צו קענען לערנען און פארשטיין אזעלכע זאכען. אויב, ווידער, לערנען סאציאליזם מיינט די אגיטאציע פון שנאה צו דער פערזאן פון דעם קאפיטאליסט, דאן ווערט אויך קיין סאציאליזם אין דער א. ר. שול ניט געלערנט, ווייל די דאזיגע אגיטאציע איז נאריש, ווען מען טראגט זי אונטער אפילו דערוואקסענע ארבעטער. (ניט קיין שנאה צום קאפיטאליסט, נאר צום קאפיטאליזם און צו דער קאפיטאליסטישער ארדענונג דארף מען פרעדיגען דעם ארבעטער, אויב מען וויל אנטוויקלען זיין סאציאליסטישען און זיין קלאסען־באוואוסטזיין.)

אויב, אבער, סאציאליזם באשטייט אין — איינפלאנצען אין די קינדער דאס געפיל פון ערליכקייט און יושר, דאס געפיל פון אמת'ער גלייכהייט פון מענשען, די ליבע צו פרייהייט, און די גרייטקייט צו קעמפען פאר דער פרייהייט און צו אפפערען זיך פאר איר; אויב סאציאליזם באשטייט אין לערנען די קינדער אפצושאצען פארשידענע דערשיינונגען אין דעם לעבען פון דעם מענשען און פון דער מענשליכער געזעלשאפט פון דעם סאציאליסטישען שטאנדפונקט; אויב סאציאליזם באשטייט אין איינפלאנצען אין די קינדער די ליבע צום ארבעטער־קלאס און צו זיינע אידעאלען, און אכטונג צו די, וועלכע קעמפען פאר דער באפרייאונג פון דעם ארבעטער־קלאס, — דאן ווערט אין די א. ר. שולען געלערנט סאציאליזם שוין גאר א היבש ביסעל. די גאנצע דערציאונג, וואס ווערט די קינדער געגעבען אין די א. ר. שולען, איז א סאציאליסטישע, ווייל זיי ווערען דארט צוגעוואוינט צו קוקען אויף די דערשיינונגען פון דעם לעבען און אפשאצען זיי פון דעם סאציאליסטישען שטאנדפונקט, ווייל דער גאנצער גייסט פון דער דערציאונג איז א סאציאליסטישער.

4) סאנדיי־סקולס. א סך אלטע גענאסען, וועלכע האבען 8 מאל געעפענט סאנדיי־סקולס צו באפרידיגען די באדערפעניש פון די ארבעטער אין א סאציאליסטישער דערציאונג פאר זייערע קינדער, און וואס זיינען מיט דער דאזיגער ארבעט זייערער דורכגעפאלען, זיינען ניט צופרידען, וואס די א. ר. שולען שטעלען מיט זיך ניט פאר קיין קאפיע פון יענע

סאַנדיי־סקולס. קענטיג, זיי האָבען גאָרניט געלערנט פון דעם טרויעריגען סוף פון יענע ענגלישע זונטאָג־שולען. די סאַנדיי־סקולס, וועלכע קענען האָבען די קינדער בלויז איין מאָל אין וואָך אויף אַ קורצער צייט, מוזען אנשטאט סאָצאַליסטישער דערציאונג געבען די קינדער סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אָדער פּראָפּאַגאַנדע. און יעדע אַגיטאַציע אָדער אפילו פּראָפּאַגאַנדע מוז ביי די קינדער אין בעסטען פאַל אין איין אויער אַריין און פון דעם צווייטען אַרויס, אָדער, אין ערגסטען פאַל, אַנטוויקלען ביי די קינדער אויבערפלעכליכע און איבערגעטריבענע איין־זייטיגע פאָרשטעלונגען אנשטאט טיף־איינגעוואָרצעלטע געוואוינהייטען. קינדער, וואָס גייען אַדורך אַזאַ סאָרט דערציאונג, ווערען אָדער בלייבען שמאָלקעפיגע פאַנאַטיקער פון דער אידייע, וואָס דער אָדער יענער לערער האָט זיי אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ, אָדער זיי ווערען גאַנץ לייכט פאַרגעסען דאָס, וואָס מען האָט פאַר זיי אין משך פון אַ שעה אין וואָך קינסטליך אַריינגעגאָסען, און זיי ווערען זיין פונקט אַזוי ווייניג סאָציאַליסטען, ווי ווען מ'וואָלט זיי די דאָזיגע תורה אין גאַנצען ניט געלערנט. אָבער די נאַטירליכסטע דערשיינונג מיט די סאַנדיי־סקולס, וואו דאָס לערנען באַשטייט אין סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע און אַמאָל אין אַ סאָציאַליסטיש לידעל, אַז די קינדער אינטערעסירען זיך ניט מיט זיי, אַז זיי דערעסען די קינדער, און הערען זיי אויף צו באַזוכען. כדי צו האָבען אַן איינפלוס אויף קינדער, דאַרף מען זיי האָבען אַ לענגערע צייט. און האָבען קינדער אַ לענגערע צייט בלויז דורך קאָנצענטרירטער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע אין ענגליש, איז פונקט אַזוי מעגליך, ווי האַלטען זיי צוגעבונדען אַ גאַנצען טאָג צום פיסעל פון טיש און נישט אַרויסלאָזען זיי אויף דער גאַס.

די אַ. ר. שול באַנוצט אַן אַנדער מיטעל צו דערציען די קינדער אין דעם סאָציאַליסטישען גייסט. זי שטעלט דאָס קינד צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער אין אַזאַ לאַגע, אַז זיי זאָלען צוגעוואוינען זיך צום לעבען צווישען זיך אַזוי חבר'יש און מענשליך, ווי מען באַדאַרף לעבען אין אַ בעסערער געזעלשאַפט, געבויט ניט אויף עקספּלואַטאַציע פון אונטערדריקונג; און זיי זאָלען זייערע סכסוכים אויסגלייכען אויף אַ יושר'דיגען, פריינדליכען אופן. זי געוואוינט צו די קינדער, באַזונדערס די עלטערע — פון 10, 11 יאָר און העכער, צו אינטערעסירען זיך מיט וויכטיגע געזעלשאַפטליכע פראַגען און באַזונדערס מיט פראַגען און דערשיינונגען אין דעם אַרבעטער־לעבען, וואָס זיינען פאַר זיי נאָר צוגענגליך, און לאָזט זיי די פראַגען און דערשיינונגען באַטראַכטען און דיסקוטירען צווישען זיך אונטער דער אויפזיכט פון די לערער. און דער לערער זעט שוין, אַז די פראַגען זאָלען באַלויכטען ווערען פון דעם סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט. די אַ. ר. שול האָט די קינדער כמעט אַלע טאָג, זי האָט זיי אין דער צייט פון לערנען, אין דער צייט פון די קלובען, אין דער צייט פון די קינדער־שמחות, פון אַרויספאָרונגען, און זי נוצט אויס יעדע געלעגענהייט צו דערציען דאָס קינד אַזוי, עס זאָל ווערען אַן אידעלער, ערליכער, אינטעליגענטער און אַלץ מער צוגעבונדען צו דער אַרבעטער־סביבה, פון וועלכער ער שטאַמט, און צו אידעאַלען. די אַ. ר. שול האָט אויך די נייטיגע מיטלען דערצו. אַן ענגלישע שול פאַר אַ קינד, וואָס קומט פון פּאַבליק־סקול, איז ברויט מיט ברויט. פאַרקערט, אָבער, די נייע לימודים אין אידעש, וואָס דאָס קינד באַקומט אין דער אידעשער אַ. ר. שול, זיינען פאַר אים אינטערעסאַנט, בינדען אים צו צו דער שול, און שאַפען אַן אַטמאָספערע, אין וועלכער דאָס קינד ווערט גאַנץ לייכט און גרינגליך באַאיינפלוסט אין דעם וועג, ווי די אַ. ר. שולען ווילען.

5) תלמוד־תורות. איינינגע אַרבעטער־טוער באַהויפּטען נאָך עד־היום, אַז עס איז בכלל נישטאָ ביי דעם אידעשען אַרבעטער קיין באַדערפעניש אין אַ אידעשער שול, ווייל ער קען גאַנץ לייכט אויסקומען מיט דער פּאַבליק־סקול אַליין; אַז עס איז אין דער אמת נישטאָ שוין ביי דעם אידעשען אַרבעטער קיין באַזונדערע צוגעבונדענקייט צו עטוואָס אידעשעס. אָט די דאָזיגע אַרבעטער־טוער וואָלט מען געדאַרפט אַן עצה געבען — דורכשפּאַצירען זיך איבער די תלמוד־תורות און חדרים, וועלכע פילען אָן אַלע גאַסען, וואו אידען וואוינען נאָר אין גרעסערע מאַסען, און באַקאַנען זיך מיט די קינדער, וועלכע לערנען דאָרט. זיי וואָלטען גלייך געזען, אַז דער גרעסטער טייל פון די קינדער, וואָס לערנען דאָרט, קומען פון פאַמיליעס פון אידעשע אַרבעטער, מיטגלידער פון יוניאָנס, פון אַ. ר. בראַנטשעס און פון די סאָציאַליסטישע און אפילו קאָמוניסטישע פּאַר־נאַטירליך און טיף, אַז די ראַדיקאַלע און אָפּט מאָל אַטעאיס־טייען. די דאָזיגע באַדערפעניש פון אַ אידעשער שול איז אַזוי טישע אַרבעטער פאַרראַטען זיך אַליין און גיבען אָפּ זייערע קינדער לערנען אין פלעצער, וואו מען דערציט פון זיי רעליגיעזע פאַנאַטיקער, וואו מען לערנט זיי צו קוקען אויף זייערע עלטערן ווי אויף גויים, ווי אויף אפּיקורסים. און יעדער ווירקליך פרייער און ראַדיקאַלער אַרבעטער וואָלט זיך גאַנץ שטאַרק געדאַרפט פאַרטראַכטען, ווי אַזוי אויסצוהיילען אָט די דאָזיגע מיאוס'ע מכה אויף דעם קערפּער פון די אידעשע אַרבעטער. איך מיין — די תלמוד־תורות. ווייל די דאָזיגע אינסטיטוציעס דעמאָראַליזירען יעדעס קינד, וואָס קומט אין זיי אַריין. זיי לערנען אויס דאָס קינד צו זאָגען ליגען דערמיט, וואָס זיי געוואוינען אים צו צו זאָגען עברי, ד. ה. פּלאַפּלען ווערטער, וועמעס באַדייטונג עס איז פאַר זיי פרעמד, און זאָגען ברכות, ד. ה. פּלאַפּלען שפּרוכען, וואָס זיי פאַרשטייען ניט. דאָס זיינען אינסטיטוציעס, וועלכע נישט נאָר זיי באַפרידיגען ניט די באַדערפענישען פון דעם אידעשען אַרבעטער אין אַ שול, וואָס זאָל צובינדען זייערע קינדער צו זיי, נאָר פאַרקערט, זיי רייסען נאָך מער אָפּ דאָס קינד, ווייל זיי לערנען עס נישט די שפּראַך פון זייערע עלטערן, נאָר אַ טויטע שפּראַך, וועלכע זיי הערען קיינמאָל ניט און וועלען פּילייכט קיינמאָל ניט הערען. די תלמוד־תורות זיינען דער בעסטער באַווייז, אַז די אידעשע אַרבעטער נייטיגען זיך אין אַ אידעשער שול. און יעדער באַוואוסטזיניגער אידעשער אַרבעטער דאַרף זען, אַז אויף דעם אָרט פון די דאָזיגע צעפּוילטע אינסטיטוציעס זאָלען אַנטשטיין געזונטע אידעשע אַרבעטער־שולען,

— אַרב. רינג שולען.

# און קומען וועט די שעה

פון אַב. וויקטאָר

איך גלויב אַז קומען וועט די שעה.
אַ נאַקעטען וועסט זיך דערזען
מיט אויגען ברייט צעעפענטע
און ציטערדיגע קני.

עס וועט דיין שרעקעדיגער קוק
אין פוסטען רוים זיך צאַפּלען.
און שטעקען בלייבען וועט אין קעל
דיין ניט אַרויסגעשריגענער געשריי.
אַ רויטע כוואַליע וועט פאַרגיסען דיין געזיכט,
אַן אויסגוס פון דיין שווערע זינד.
און אין דיין קאָפּ וועט אַ געדאַנקענקנויל
דיין מוח דריקען,
און מיט הייסע פרענטען ברענען.

איך גלויב, אַז קומען וועט די שעה.
דיין נאַקעטקייט ניט זען וועסט מער ניט קענען.
וואוהין פון זיך אַנטרינען,
קיין אָרט וועסט ניט געפינען.
צו קליין וועט זיין אַ פייגענבלאַט
דיין שאַנד פאַרדעקען.
און אַלע דיינע מאַנטלען,
זיי זיינען פול מיט שטעכעדיגע פלעקען.
וואָס וועסטו טאָן, ווען קומען וועט די שעה? —
און קומען וועט די שעה — — —
און זיכער ווי דער טויט. — — —

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## 9. ראַפאַעל.

אין איינער פון די אַלטע קירכען אין פלאָרענץ האָט לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי איינמאָל דערזען אַן אומבאַקאַנטען יונגען מאַן, כמעט אַ אינגעל, וואָס האָט געפּאָרשט און קאָפּירט די מאַלעריי פון די ווענט.

דער יונגער מאַן איז געווען אַ שלאַנקער, גראַציעזער, מיט אַ דינער, אומגעוועהנליך ווייסער, צאַרטער און לאַנגער האַלז, מיט אַ לענגליך־רונדען, דורכזיכטיג־בלאַסען פּנים, מיט גרויסע שוואַרצע אויגען, אַן אויסדרוק פון גראַנק, טיפע און פּוסטע, ווי דער הימעל.

אַ ביסעל שפּעטער האָט לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי ווידער אַמאָל אים באַגעגענט אין מאָנאַסטיר מאַריאַ־נאָוועלאַ, אין פּאַפּסט זאַל, וואו עס איז געווען אויסגעשטעלט אַ בילד. דער יונגער מאַן האָט די בילד געפּאָרשט און אַראָפּגענומען אַ צייכענונג. דערזעענדיג ניט ווייט פון זיך לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי, האָט ער מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט גענומען קוקען אויף אים, קענטיג, אַז ער האָט געוואָלט אָנהויבען מיט אים ריידען, נאָר ער האָט ניט געוואַגט.

באַמערקענדיג דאָס, איז לעאָנאַרדאָ צו אים צוגעגאַנגען. דער יונגער מאַן האָט זיך פאַרלוירען, איז רויט געוואָרען, דערנאָך האָט ער אַרויסגערעט שעמעוודיג, אַז ער האַלט לעאָנאַרדאָן פאַר זיין לערער און פאַר דעם גרעסטען מייסטער אין איטאַליען און אַז מיקעל אַנדזשעלאָ איז ניט ווערט אָפּצובינדען דעם רימענדעל פון די שיך ביי אים, ביים באַשאַפער פון דער בילד „די געהיימע וועטשערע“.

נאָך עטליכע מאָל האָט לעאָנאַרדאָ זיך באַגעגענט מיט דעם דאָזיגען בחור'ל, פלעגט מיט אים לאַנג שמועס'ן, באַטראַכטען זיינע צייכענונגען, און, וואָס מער ער האָט אים דערקענט, אַלץ מער האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ צוקונפטיגער גרויסער מייסטער. געוויס, זיין טאַלאַנט איז נאָך ניט געווען צייטיג, נאָר דער גרויסער מייסטער לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי האָט שוין אין איהם דערזען דעם גאון. אַזאַ פרישקייט פון געפיל האָט לעאָנאַרדאָ נאָך קיינמאָל ניט באַגעגענט. מער פון אַלץ האָט אים געוואונדערט דאָס, וואָס דער דאָזיגער אינגעל האָט אַריינגעדרונגען אין די טיפסטע סודות פון דער קונסט און פון לעבען, עפּעס אַזוי ווי אומגערן, אַליין ניט וועלענדיג דאָס, וואָס ער האָט גובר געווען די גרעסטע שוועריקייטען מיט אַזאַ לייכטקייט, פּונקט אַזוי ווי ער וואָלט זיך געשפּילט. אַלץ האָט זיך אים איינגעגעבען אומזיסט, עפּעס אַזוי ווי פאַר אים וואָלט אין דער קונסט ניט עקזיסטירט יענע אומענדליכע זוכענישען, יענע באַמיאונגען, אַנשטרענגונגען, ספקות, וואָס זיינען געווען די קללות און פּיין פון לעאָנאַרדאָס גאַנצען לעבען. און בעת לעאָנאַרדאָ האָט אים געזאָגט וועגען דעם, אַז עס איז נויטיג לאַנגזאַם און געדולדיג פאָרשען די נאַטור, צו שטודירען די מאַטעמאַטיש־פּינקטליכע כללים און געזעצען פון מאַלעריי, האָט דער בחור'ל לעאָנאַרדאָן געקוקט אין די אויגען מיט זיינע גרויסע, פאַרוואונדערטע און גראַנקלאָזע אויגען, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך געלאַנגווייליגט און נאָר אויס אַכטונג צום לערער אויסגעהערט אויפמערקזאַם.

איינמאָל האָט זיך ביי דעם דאָזיגען אינגעל אָפּגעריסען אַ וואָרט, וואָס האָט ערשטוינט, כמעט דערשראָקען לעאָנאַרדאָן מיט זיין טיפקייט:

— איך האָב באַמערקט, — האָט ער געזאָגט, — אַז בעת מען מאָלט, — דאַרף מען ניט דענקען: עס קומט אַרויס בעסער.

עפּעס אַזוי ווי דער דאָזיגער בחור'ל וואָלט מיט זיין גאַנצען וועזען אים געזאָגט, אַז יענע איינהייט, יענע פאָלשטענדיגע האַרמאָניע פון געפיל און פאַרשטאַנד פון ליבע און ערקענטניס, וועלכע ער האָט געזוכט, — איז גאָר נישטאָ און עס קאָן ניט זיין.

— פון וואַנען ביזטו, זון מיינער? — האָט לעאָנאַרדאָ אים איינמאָל געפרעגט. — ווער איז דיין פאָטער און ווי איז דיין נאָמען?

— איך בין פון אורבינאָ, — האָט דער בחור'ל פריינדליך געענטפערט. — מיין פאָטער איז דער מאָלער דזשיאָוואַני סאַנציא. מיין נאָמען איז — ראַפאַעל.

לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי האָט קיין טעות ניט געהאַט אין אים. אַ ביסעל שפּעטער האָט מען ראַפאַעלן גערופען „דער גאָט פון מאַלעריי“.

* * *

ראַפאַעל איז געבוירען געוואָרען אין אורבינאָ (איטאַליען) דעם 28־טען מערץ פון יאָר 1483 און איז געשטאָרבען אין רוים דעם 6־טען אַפּריל פון יאָר 1520. אין יאָר 1504 איז ער געקומען אין פלאָרענץ און ער איז באַלד אָנערקענט געוואָרען אַלס גרויסער מייכטער. שעהן, ווי די זון, מיט אַ ווייכען, סימפּאַטישען כאַראַקטער, מיט גוטע מידות, איז ער באַלד אויפגענומען געוואָרען ביי די הערצאָגען און פּאַפּסטען און אומעטום האָט מען זיך מיט אים געשפּיגעלט. פּאַפּסט יוליוס דער 2־טער האָט אים איינגעלאַדען צו מאָלען די ווענט אין וואַטיקאַן און זיינע פרעסקען (וואַנט־מאַלעריי) האָבען באַוואונדערט די גרעסטע מאָלער פון יענער צייט. דערצו האָט ער געמאָלען אַ היבש ביסל מאַדאָנעס און פּאָרטרעטען. זיין באַרימטע סיקסטינישע מאַדאָנע וועלכע געפינט זיך אין דרעזדען האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאַנצער מערב־אייראָפּייאישער מאַלעריי. די דאָזיגע מאַדאָנע שטעלט מיט זיך פאָר די פאָלשטענדיגע פאַרקערפּערונג פון דעם אידעאַל אין דער קריסטליכער קונסט.

עס איז דאַרום קיין וואונדער ניט, וואָס דער פּאַפּסט יוליוס דער 2־טער און דער פּאַפּסט לעאָ דער 10־טער האָבען אים פאַרגעטערט. ראַפאַעל פלעגט גיין איבער די גאַסען פון רוים באַגלייט פון אַ סוויטע, וואָס איז באַשטאַנען פון זיינע תלמידים און פון פּאַפּסט מקורבים. און אַז דער דאָזיגער בחור'ל האָט דערפילט, אַז ער איז אַזאַ חשוב, האָט ער זיך באַטראַכט, אַז צו זיינע חשיבות וואָלט ניט שאַדען, אַז ער זאָל האָבען געלד. האָט ער טאַקי גענומען גאַנץ שטאַרק זאָרגען וועגען ערדישע עסקים. געוויס האָט עס ניט האַרמאָנירט מיט זיין פאַר'חלום'טער געשטאַלט, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מאַדאָנע. האָט מען דאַן געזאָגט אויף אים, אַז ער זעהט אויס ווי אַ מלאך, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די הימלען! אָבער די קליפּה פון רייכקייט איז צו אים צוגעשטאַנען און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז ער זאָל פאַרוואַנדלען די קונסט אין אַ נויטיגען טייל פון פּאַפּסטליכען הויף.

אַזוי האָט ער געמאָלען די פערד־שטאַלען ביים רוימישען באַנקיר אַגאַסטינאָ קירדזשי, האָט געמאַכט צייכענונגען פאַר זייגאָלדענע טאַשען און טעלער, וועלכע קידזשי, נאָכדעם ווי דער פּאַפּסט האָט אין זיי געגעסען, פלעגט אַריינוואַרפען אין טייך טיבר, כדי קיין אַנדער בשר ודם זאָל פון זיי ניט קאָנען עסען אָדער הנאה האָבען. דער דאָזיגער גליקליכער אינגעל (פאָרטונאַטאַ גאַרזאָן), ווי מען פלעגט ראַפאַעלן רופען, האָט דערגרייכט כבוד, רייכקייט, אויסצייכענונגען, אַזוי ווי שפּילענדיג זיך. זיינע בייזעסטע שונאים און בעלי מקנא פלעגט ער ענטוואַפענען מיט ליבענסווירדיגקייט. ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט פאַרשטעלען, ניט מאַסקירען. ער איז באמת געווען אַ פריינד פון אַלעמען. און אַלץ האָט זיך אים איינגעגעבען. אַלע מתנות פון שיקזאַל פלעגען אים אין די הענט אַריינפליען. אָט בויט מען אַ נייע קירך און ראַפאַעל ווערט דער אַרכיטעקטאָר און סקולפּטאָר. זיינע הכנסות וואַקסען פון טאָג צו טאָג; קאַרדינאַל ביביענאָ וויל אים פאַר'שדכ'ענען מיט זיין פּלימעניצע, אָבער ראַפאַעל וואַרט אויס, מחמת מען האָט אים צוגעזאָגט צו מאַכען פאַר אַ קאַרדינאַל. ער האָט זיך אויסגעבויט אַ פּראַכטפולען פּאַלאַץ אין באָרגאָ און גענומען לעבען אויף אַ קעניגליכען אופן. פון אינדערפרי ביז ביינאַכט פלעגען ביי אים אין פאָרהויז זיך דרענגען הויכגעשטעלטע פּערזענליכקייטען, געזאַנדטע פון אויסלענדישע קעניגע, וואָס פלעגען וועלען באַשטעלען ביי אים אַ פּאָרטרעט, אָדער לכל הפחות, פון אים האָ־

בען אַ וועלכע איז בילד אָדער צייכענונג צום אָנדענק. פאַרוואָרפען מיט ארבייט, פלעגט ער זיי אַלעמען אָפּזאָגען. אָבער מען פלעגט אים ניט אָפּלאָזען, אויף מאָרגען פלעגען זיי ווידער קומען און אים רייסען ביי די פאָלעס. דער סוף איז געווען, ער איז געווען אַזוי פאַרוואָרפען מיט ארבייט, אַז ער פלעגט אַ זאַך אָנהויבען און ניט ענדיגען, ער פלעגט מאַכען צוויי־דריי שטריכען און אַוועקגעבען ענדיגען זיינע תלמידים.

ראַפאַעלס שטודיאָ איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויסער פאַבריק, וואו געשיקטע חברה־לייט פלעגען מאַכען שווינדעל. און ראַפאַעל אַליין פלעגט שוין ניט זאָרגען וועגען פאָלקאָמהייט, ער פלעגט ארויסלאָזען פון האַנד מיטעלמעסיגע זאַכען. ער האָט גענומען דינען דעם המון און דער המון האָט אים געדינט, האָט אים אויפגענומען מיט ענציקונג, ווי זיין אויסערדערוויילטען, ווי זיין געליבט קינד. ער איז ערקלערט געוואָרען פאַר דעם גרעסטען קינסטלער פון אַלע יאָרהונדערטע און פון אַלע פעלקער. ראַפאַעל איז געוואָרען דער גאָט פון מאַלעריי.

נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס אין זיין ירידה איז ער נאָך אַלץ געווען גרויס, באַצויבערענד־שעהן, ניט נאָר פאַרן המון, נאָר אויך פאַר אויסדערוויילטע. אַננעמענדיג בלאַנקענדע שפּילצייג פון די הענד פון דער געטין פון גליק, איז ער אַלץ געבליבען ריין און אומשולדיג, ווי אַ קינד. „דער גליקליכער אינגעל“ האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס ער טוט.

און זיין גרויסקייט אין די אויגען פון דעם ברייטען עולם איז אַלץ געוואַקסען.

איינמאָל איז לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי געגאַנגען מיט זיין פריינד פראַנטשעסקאָ ניט ווייט פון דעם בריק סאַנט־אַנזשעלאָ. מיט אַמאָל האָבען זיי דערזעהן אַ מענגע מענשען, אַ זעכציג פערזאָן, פוסגייער און רייטער אין פּראַכטפולע מלבושים און זיי האָבען געמוזט אָפּטרעטען, כדי דורכצולאָזען די מענגע.

אין אָנהויב האָט לעאָנאַרדאָ געמיינט, אַז דאָס איז אַ צוג פון אַ רוימישען וועלמאָזשע, פון אַ קאַרדינאַל אָדער געזאַנדטען. איהם האָט אָבער איבעראַשט דאָס געזיכט פון אַ יונגען מענשען, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן פּראַכטפולער פון אַנדערע און איז געפאָרען אויף אַ ווייסען אַראַבישען פערד, וואָס האָט געטראָגען אַ באַגולטען געשפאַן, געזעצט מיט טייערע שטיינער. אים האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ערגיץ־וואו האָט ער שוין אַמאָל געזעהן דאָס דאָזיגע פּנים. מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט יענעם בלאַסען, שעהמעוודיגען אינגעל אין אַ שוואַרצען קאַמזאָל, וואָס איז געווען אויסגעשמירט אין פאַרב, מיט אויסגעריבענע עלענבויגענס. יאָ, מיט אַכט יאָר צוריק האָט דער דאָזיגער אינגעל אים געזאָגט שטייענדיג אין קירך, אַז מיקעל אַנדזשעלאָ איז ניט ווערט אָפּצובינדען ביי אים דעם רימענדעל פון זיינע שיך. יאָ, דאָס איז געווען אין פלאָרענץ.... דאָס איז ראַפאַעל סאַנציאָ, וואָס קאָנקורירט איצט אי מיט אים, מיט לעאָנאַרדאָן, אי מיט מיקעל אַנדזשעלאָ.

זיין פּנים, הגם נאָך אַלץ אַ קינדיש, אומשולדיג און געדאַנקלאָז, איז אָבער איצט שוין ווייניגער ענליך אויף אַ מלאך. דיקער געוואָרען, שווערער געוואָרען.

ער איז געפאָרען פון זיין פּאַלאַץ אין באָרגאָ אויף אַ זעאונג מיטן פּאַפּסט אין וואַטיקאַן, באַגלייט, ווי געוויינליך, פון פריינד, תלמידים און פאַרערער: קיינמאָל האָט ניט געטראָפען, אַז ער זאָל ארויספאָרען פון דער היים, ניט האָבענדיג ביי זיך אַן עהרען סוויטע פון אַ פופציג מאַן, אַזוי, אַז איטליכעם מאָל האָט זיין ארויספאָר דערמאָנט אָן אַ טריאומף־צוג.

ראַפאַעל האָט דערקאָנט לעאָנאַרדאָן, ער איז אַ האָרעלע רויט געוואָרען און, מיט אַ איבעראיילטער, איבערטריבענער אַכטונג האָט ער אַרונטערגענומען דאָס היטעל און זיך פאַרנייגט. מאַנכע פון ראַפאַעלס תלמידים, וואָס האָבען לעאָנאַרדאָן ניט געקאָנט, האָבען מיט פאַרוואונדערונג זיך אומגעקוקט אויפן זקן, פאַר וועלכען „דער געטליכער“ האָט אַזוי העפליך זיך פאַרנייגט. ווער איז דאָס דער זקן, וואָס איז אַזוי באַשיידען, כמעט אָרעם געקליידט, וואָס האָט זיך צוגעדריקט צום וואַנט, כדי „דעם געטליכען“ דורכצולאָזען?

פיר הונדערט יאָר איז אַוועק זינט ראַפאַעל איז געשטאָרבען. אין פאַרלויף פון דער דאָזיגער צייט זיינען פאַרשיידענע ריכטונגען אויפגעקומען אין דער קונסט און פאַרשוואונדען. ראַפאַעלס קונסט איז נאָך ביז היינט געבליבען פריש. נאָך היינט ווערט ער באַטראַכט פאַר איינעם פון די גרעסטע מאָלער פון אַלע צייטען און אַלע פעלקער. נאָך היינט גיבען אַלע צו, אַז זיין סיקסטינישע מאַדאָנע, וואָס געפינט זיך אין דער דרעזדענער קונסט־גאַלעריע האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאַנצער מערב אייראָפּייאישער מאַלעריי. וועגען אים איז דאָ איבער 300 ביכער און אַרטיקלען. עס ווייזט אויס, אַז איבער דאַנטע, מיקעל אַנדזשעלאָ, לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי און ראַפאַעל האָט די צייט קיין שליטה ניט. זיי זיינען נאָך היינט ניט אַלט געוואָרען. מען שרייבט היינט וועגען זיי ביכער, פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען געלעבט ערשט מיט אַ יאָר 50 צוריק. זיי זיינען געווען גרויס ביי זייער לעבען און נאָך גרעסער זיינען זיי געוואָרען נאָכ'ן טויט.

# די וועלף און די שעפסען

(נאָך קרילאָוו) *)

פון נחום י.

געקומען אויף די שעפסען איז אַ שלעכטע צייט;
פון וועלף די חוצפה איז דערגאַנגען אַזוי ווייט,
אַז די רעגירונג פון די חיות האָט צום סוף
גענומען זוכען מיטלען ווי אַזוי צו ראַטעווען די שאָף.
אין אַן אסיפה האָט מען טאַקע באַלד
צונויפגערופען צוליב דעם אין טיפען וואַלד.
ס'איז אמת, אויף דער זיצונג האָבען וועלף געהאַט
דעם גרעסטען צד, —
נאָר ניט אויף אַלע וועלף דאַך גייט אַ שלעכטער שם.
מיר האָבען ניט פאַרגעסען נאָך אויף דעם,
אַז מיר האָבען געזען,
ווי וועלף, וואָס זיינען זאַט געווען,
פאַרבייגיין פלעגען רואיגע און שטילע
די סטאַדעס שאָף,—און זיי ניט אָנרירען אפילו!
פאַרוואָס פאַרט טאַקע זאָלען זיי ניט האָבען דאָרט
קיין וואָרט?
געוויס, מען דאַרף די שאָף ניט אונטערדריקען, —
מען טאָר דאָך אָבער די וועלף דורכאויס ניט שטיקען.
הכלל, מען האָט אויף דער אסיפה לאַנג געטראַכט
און ענדליך האָט מען דאָרט אַזאַ געזעץ געמאַכט;
איך גיב אים דאָ אייך איבער וואָרט
ביי וואָרט:
— „ווי נאָר אַ וואָלף וועט ביי אַ סטאַדע זיך צעיושען
און וועט זיך מיט אַ שעפּס ניט שיין
באַגיין, —
דאַן האָט די שעפּס די פולע רעכט און מאַכט,
ניט נעמענדיג קיין זאַך אין אַכט,
דעם וואָלף צו כאַפּען פאַר'ן קאַרק און מיט גוואַלד,
צום משפט אים אוועקשלעפען אין וואַלד“.
אַט האָט איר דעם געזעץ ניט ווייניגער
ניט מער.
נאָר עד היום נאָך ווי איך זע
(מען זאָגט אפילו אַז די וועלף באַשטראָפט מען יע)
איז ווער עס זאָל דער שולדיגער ניט זיין,
אַלץ שלעפען וועלף די שאָף אין טיפען וואַלד אריין...

*) די דאָזיגע געניאַלע פאַבעל פון קרילאָוו, וואָס איז געשריבען געוואָרען בערך מיט הונדערט יאָר צוריק, איז אַזוי פריש און אַזוי צוגעפּאַסט צו אונזער איצטיגער צייט פון אַלערליי קאָנפערענצען, אַז קיינער קאָן וועגען דעם ענין קיין ריכטיגערען וואָרט ניט זאָגען. — דער איבערזעצער.

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## 2. פּראָזע פאַר קינדער

### ז. אַנדערסענס מעשה'לאַך אויף אידיש

אין דער אידישע קינדער־ליטעראַטור, דערהויפּט אין דער, וואָס איז באַשטימט פאַר ע ל ט ע ר ע קינדער, מערקט זיך אַ גוטע, סימפּאַטישע טענדענץ: עס ערשיינען וואָס אַמאָל מער, זאַכען, וואָס זיינען געשאַפען ניט דוקא פאַר קינדער, זאַכען, וואָס מען איז קיינמאָל ניט צו אַלט זיי צו געניסען, מען קאָן נאָר זיין אַמאָל צו יונג. איך האָב שוין געשריבען אַמאָל, אַז די ערגסטע קינדער־ביכלאַך זיינען די, וואָס ווערען געשאַפען ס פּ ע צ י ע ל פאַר קינדער. די שרייבער, וואָס זיינען „ספּעציאַליסטען" אויף קינדער־ליטעראַטור, זיינען אין בעסטען פאַל בעלי־מלאכה'ס, אין ערגסטען—קאַליקעס, און דאָס, וואָס זיי שרייבען, טויג פאַר קינדער נאָך ווייניגער, ווי פאַר דערוואַקסענע. מיר האָבען געזען דערצו ביישפּילען אין אונזער אייגענער אידישער ליטעראַטור. מיר האָבען געזען, אַז די שרייבער, וואָס זיינען ניט אינטערעסאַנט פאַר אונז, דערוואַקסענע, קאָנען אויך פאַר אונזערע קינדער גאָרנישט ניט אויפטאָן, סיידען די קינדער זיינען נאָך אַזוי קליין, דאָס עס איז גענוג, אַז מען זאָל זיך קאָנען מיט זיי ש פּ י ל ע ן א ו י פ'ן פּ אַ פּ י ר, פאַרברענגען די צייט מיט זיי שמועסענדיג.

דער פאַר איז צו באַגריסען דעם פאַקט, וואָס מען הייבט אָן צו געבען אונזערע יונגע לעזער אַלץ מער זאַכען, וואָס זיינען געשריבען פון אמת'ע שרייבער, ניט פון „קינדער־שרייבער", זאַכען, וואָס אַלע, אויך דערוואַקסענע, קאָנען זיי געניסען. אין דעם פּרט צייכענט זיך גאָר באַזונדערס אויס דער ענערגישער פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע. ער האָט אין אַ באַזונדער „שול־ביבליאָטעק" אַרויסגעגעבען אַ גאַנצע סעריע קלענערע זאַכען פון מענדעלי מוכר ספרים, שלום־עליכם, פּרץ, פרוג, פייערבערג, ביאַליק, רייזען, אַנאַטאָל פראַנס, אַלפאָנס דאָדע, טאָלסטאָי און אַנדערע; דער אייגענער פאַרלאַג דרוקט אויך אַ „קלאַסיקער ביבליאָטעק פאַר יוגענט", אין וועלכער עס זיינען ביז איצט אַריין אין אַ געקירצטער פאָרם (וועגען דעם ענין פון קירצען וועל איך רעדען באַזונדער) אַזוינע גרעסערע ווערק פון אונזערע קלאַסיקער, ווי מענדעלי'ס „מסעות בנימין השלישי", שלום־עליכמ'ס „טביה דער מילכיגער", פּרצ'ס געשיכטען, אַש'ס „שטעטיל". און אין אָט דעם פאַרלאַג „קולטור־ליגע" איז אויך אַרויס אַ זאַמלונג פון אַנדערסענס „מעשה'לאַך", מיט אילוסטראַציעס, אין דער איבערזעצונג פון דעם טאַלאַנטפולען נסתר (צווייטע אויסגאַבע, וואַרשע, 1921). איינציגע מעשיות פון אַנדערסען זיינען אויך פריער שוין ניט איינמאָל געדרוקט געוואָרען אויף אידיש, אָבער אַזאַ גרויסע זאַמלונג (גאַנצע איין און צוואַנציג) אַנדערסענס מעשה'לאַך איז אַ נייס אין דער אידישער ליטעראַטור.

די גרעסטע מעלה פון אַנדערסענס בעסערע מעשה'לאַך איז, וואָס זיי זיינען קינדיש, כאָטש זיי זיינען גאָר ניט באַשטימט דוקא פאַר קינדער. זיי זיינען קינדיש ניט אין דעם זינען פון איינפאַכקייט. פאַרקערט, פילע פון זיי האָבען אַ רייכען און אַפילו אַ קאָמפּליצירטען אינהאַלט. מען קאָן אין אַ טייל פון זיי, צום ביישפּיל, אין „דעם זינגפויגעל", „די „שניי־מלכה", „דעם מלכ'ס ניי קלייד") אַריינלייגען גאָר טיפע כונות. עס ווענדט זיך, ווער עס לייענט זיי. זיי זיינען ווי דער מן, וואָס יעדערער האָט געקאָנט פילען אין דעם אַזאַ טעם, וואָס אים האָט זיך געגלוסט. אַ רייפערער, אַ טיפערער לעזער וועט אויפכאַפּען די כונה, דעם סאַטירישען מיין אָדער דעם הומאָר, וואָס פילט אָן די מעשה'לאַך; אַ אינגערער און איינפאַכערער לעזער וועט זיך באַנוגענען מיט דער שיינקייט און פאַנטאַסטישקייט פון דעם ספור־המעשה. ביידע אָבער וועלען פילען די פּרעכטיגע פילפאַרביגקייט און נישט־געוואוינטליכע עשירות פון די זאַכען. אַלזאָ, ניט אין זייער איינפאַך־זיין ליגט דער חן פון זייער קינדישקייט, נאָר אין יענער פרישער, מיט בלישצענדיגען טוי באַגאָסענער תמימות, אין וועלכער עס וויקעלט זיך זייער צניעות'דיגע קלוגשאַפט. עס איז זעלטען צו טרעפען ווערק מיט אַ רייכען אינהאַלט, וואָס זאָלען האָבען אַזאַ פרישען, נאַיווען טאָן, ווערק, וואו עס זאָל זיך אַזוי האַרמאָניש צונויפגיסען די ניט־געצווימטקייט פון דער פאַנטאַזיע מיט דעם קלאָרען בליק פון חכמה, ווערק, וואו רעאַליזם און פאַנטאַסטיק זאָלען לעבען אין אַזאַ טיפען פרידען צווישען זיך און יוגענט מיט אַלטקייט זאָלען מיט אַזאַ האַרציגקייט אויסשטרעקען די הענט איינע צו די אַנדערע . . . עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס אַנדערסענס מעשה'לאַך האָבען פאַרנומען אַזאַ שיינעם אָרט אין די ליטעראַטורען פון אַלע פעלקער, און עס איז אַ פרייד, וואָס, ענדליך, האָבען מיר אויך אויף אידיש אַ בוך פון אָט דער לויטערער, צוגלייך אי קלוגער, אי נאַאיווער, אי רעאַליסטישער, אי ראָמאַנטישער פּאָעזיע.

די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרען מיט גרויס ליבשאַפט און טאַלענט; דער איבערזעצער, נסתר, איז אַ דיכטער, אַליין אַ פאַרפאַסער פון פאַנטאַסטישע מעשה'לאַך, אַליין אַ זוכער פון קינדישקייט און קלוגשאַפט, אַליין אַ מענש וואָס פאַרשטייט זיך אויף שיחת חיות ועופות, אַ מענש, וואָס מאַכט ריידעוודיג די שטומסטע באַשעפענישען, — אַליין אַ שטיק אַנדערסען. דאָס איז די גרויסע מעלה פון דעם איבערזעצער. דאָס איז אָבער אויך זיין חסרון: ער האָט אַ צו בולט'ן שרייבערישען איך, און ער גיט אונז, אינאיינעם מיט אַנדערסענס, אויך זיין אייגענעם ריטם. פון זיין זאַץ הערען מיר אָפט אַרויס נסתר'ס, ניט אַנדערסענס, מוזיק. דאָס נעמט זיך דערהויפּט דערפון, וואָס דער איבערזעצער בויט דעם אידישען זאַץ אויף זיין אייגענעם נ ס ת ר'ש ע ן אופן. ער שרייבט: „...פאַרנעם נישט מיין געבעט, ווען איך וועל דיך וועגען וואָס עס איז, וואָס מיט דיין אַלגוטען ווילען נישט שטימט, בעטען!" אַנשטאָט צו שרייבען: פאַרנעם נישט מיין געבעט, ווען איך וועל דיך וועגען וואָס עס איז בעטען, וואָס שטימט נישט מיט דיין אַלגוטען ווילען". אָדער: „...אויב דו באַשטייסט זיי (דיינע אויגען) אין מיר אַריין אויסצו־וויינען, וועל איך דיך אויפ'ן צווייטען ברעג איבערטראָגען, צו דעם גרויסען ווינטערגאָרטען דאָרט, וואו דער טויט זיינע ביימער און בלומען ציט אויף — דאָרט, וואו יעדער געוויקס — איז אַ לעבען אַ מענשליכס!" דאָס איז ניסתר'ס ריטם, ניט אַנדערסענס. איך האָב ניט געלייענט אַנדערסען אויף דעניש, אָבער מיר איז אויסגעקומען צו זען העברעאישע, רוסישע, דייטשע און ענגלישע איבערזעצונגען פון אַנדערסענס מעשה'לאַך, און אין ערגיץ האָב איך נישט געטראָפען עפּיס ענליכס אויף דעם זאַץ־בוי, אויף דער פ י י ע ר ל י כ ק י י ט, וואָס איז דאָ ביי נסתר'ן. און עס איז לייכט צו באַגרייפען פאַרוואָס. אַנדערסען האָט צופיל הומאָר אין זיך, אַז ער זאָל שרייבען אין אַ ריטם פון פייערליכקייט. ער איז שפּילעוודיג אַפילו דאָרט, וואו אַן אַנדערער וואָלט געווען פּאַטעטיש. און די נישט־אַלטעגליכע און פאַרדרייטע וואָרט־אָרדענונג אין דער אידישער איבערזעצונג איז טאַקע נישט אַנדערסענס, נאָר נסתר'ס אויפטו. און נישט קיין גוטער אויפטו. אַפילו ביי נסתר'ן אַליין, אין זיינע אייגענע מעשיות, איז אונז נישט צום האַרצען די טראָפּ, וואָס ער שטעלט כמעט שטענדיג אויפ'ן צייטוואָרט: דאָס זעט אונז אויס צו זיין געקינצעלט און ניט־אידיש. נאָר אין זיינע אָריגינעלע ווערק מוזען מיר אָננעמען פאַר ליב זיין אָריגינעלען, אינדיווידועלען, סטיל; אָבער וואָס זיינען מיר מחויב צו זאָגען מיט אַ ניגון פון נסתר די ווערק פון אַנדערסען?

אגב, נישט נאָר די אַלגעמיינע מוזיק פון זאַץ איז אַ נסתר'שע, אויך איינציגע ווערטער זיינען פאַראַן אין דער איבערזעצונג, וואָס נאָר נסתר (און אַנדערע ווילנער) געברויכען זיי; צום ביישפּיל: „אָפּגעגאַן", „דורכגעגאַן", אַנשטאָט: אָפּגעגאַנגען", „דורכגעגאַנגען."

אינאיינעם מיט געלונגענע נעאָלאָגיזמען, ווי „זיך אַרויסקעפּלען" (פון וואַסער), טרעפען זיך אַזוינע פאַלשע פאָרמען ווי „אַרומגעבאַטראַכט", אַזוינע שלעכט־קלינגענדיגע ווערטער ווי

# וולאַדימיר קאָראָלענקאָ

פון פּראָפ. א. חפץ

ער איז אַוועק פון לעבען אַלס איינער פון די גרעסטע און פון די שענסטע — איינער פון די ווייניגע, וואָס האָבען אַזוי העל באַלויכטען דאָס רוסישע לעבען אין די טונקעלסטע טעג פון איר רעאַקציע — איינער וואָס האָט פאַרשטאַנען פאַראייניגען אין זיך די ליבע צו אַלע פאַרפאָלגטע און אונטערדריקטע מיט אַ הייסער צוגעבונדענקייט צום מענשען, אַלס אַ זעלכען.

עס איז אַוועק פון לעבען רוסלאַנדס גרעסטער הומאַניסט.

קאָראָלענקאָ איז געבאָרען אין זשיטאָמיר, דעם 15־טען יוני 1853. צו 17 יאָר, נאָך זיין פאָטערס טויט, איז שוין קאָראָלענקאָ זעלבסטשטענדיג, פאַרלאָזט אוקראַינע און פאָרט קיין פעטערבורג, כדי דאָרט דורכצומאַכען די שטורם און דראַנג פעריאָדע פון רוסישען סטודענטום, וואָס האָט דעמאָלט דורכגעלעבט די ערשטע ראָמאַנטישע אידיליע פון „גייען אין פאָלק“.

די בעסטע רוסישע אינטעליגענץ איז דעמאָלט געווען דורכגעדרונגען מיט דער אידייע, אַז דער חוב פון די, וואָס זיינען פּריווילעגירט אין לעבען, איז צונויפצוגיסען זיך מיט די פינסטערע אונטערדריקטע פאָלקסמאַסען, מיט דעם דאָרפישען פויער, מיט דעם שטאָטישען אַרבעטער — און דורך אַזאַ פאַראייניגונג מיט'ן פאָלק אויסקויפען דעם חוב, וואָס יעדער אינטעליגענט האָט צום פאָלק, אויף וועמעס פּראַצע ער איז דערגאַנגען צו וויסען און ליכט — אין דערזעלבער צייט, וואָס דאָס פאָלק שמאַכט אין אָרעמקייט, אונטערדריקונג און אומוויסענקייט.

קאָראָלענקאָ שטודירט צוערשט אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט; שפּעטער גייט ער איבער אין מאָסקווער אַגריקולטור־אַקאַדעמיע, אום נאָכדעם צו זיין ניצליך דעם רוסישען דאָרף. צוויי יאָר האָט ער זיך געלערנט; נאָכדעם האָט מיט אים פּאַסירט דאָס, וואָס מיט טויזענטער רוסישע סטודענטען. די צאַרישע רעגירונג האָט ניט געקענט רואיג צוזען דעם קאָנטאַקט צווישען פאָלק און דער אינטעליגענץ — דער גאַנצער מלוכה־אַפּאַראַט איז געווען אָנגעווענדט דערויף ניט צו דערלאָזען אַזאַ נאָענטקייט און צו פאַרפאָלגען מיט אַן אמת'ער אַזיאַטישער אכזריות'קייט יעדען שולדיגען אינטעליגענט. דאָס סטודענטום האָט אָפט פּראָטעסטירט געגען אַזעלכע טאַטען פון דער רעגירונג דורך פרידליכע דעמאָנסטראַציעס.

פאַר'ן אנטייל־נעמען אין אַזאַ דעמאָנסטראַציע ווערט קאָראָלענקאָ אויסגעשלאָסען פון דער אַקאַדעמיע און פאַרשיקט אויפ'ן צפון, אין וואָלאָגדע. אין איניגע יאָר אַרום קערט ער זיך אום אין פעטערבורג, וואו ער פאַרנעמט זיך מיט שוסטעריי, כדי נעענטער צו שטיין צו די פינסטערע פאָלקסמאַסען, און כדי צו אַנטוויקלען, לויט דעמאָלדיגע אַנשויאונגען, זיין אינדיווידואַליטעט דורך פיזישער אַרבעט. דאָס אָבער דויערט אויך ניט לאַנג. אין 1879 יאָר אַרעסטירט מען אים און מ'פאַרשיקט אים אין אַ גאַנץ ווייטען אָרט, אין וויאַטקער גובערניע. דאָ פאַרדינט ער זיין חיונה דורך שוסטעריי, פירט באַקאַנטשאַפט מיט די אָרטיגע איינוואוינער — און דערפאַר מוז ער פאָרען ווייטער — קיין מערב־סיביר, פון דאָרטען קיין פּערם, און פון פּערם אין מזרח־סיביר.

דאָס איז נאָך ניט דער סוף פון קאָראָלענקאָס וואַנדערונגען. אין 1881, נאָך דער ערמאָרדונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, פאָדערט די סיבירער אַדמיניסטראַציע פון קאָראָלענקאָ ער זאָל ספּעציעל, אַלס „פּאָליטישער פאַרשיקטער“, שווערען טריי־הייט דעם נייעם צאַר. קאָראָלענקאָ, צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאָליטיטע, אַנטזאַגען זיך דערפון — און ווערט פאַרשיקט אין די ווייטסטע אייז־מדבריות פון יאַקוטער געביט. נאָר אויך דאָ, ניט געאַכט אויף די שרעקליכע אוממענשליכע עקזיסטענץ־באַדינגונגען, פאַרלירט קאָראָלענקאָ ניט זיין הומאָר, זיין גוטמוטיגע שטימונג, זיין ליבע צו די פאָלקסמאַסען — ער נעמט אַ נאָענטען אנטייל אין לעבען פון די האַלב־ווילדע יאַקוטען, ער נייט פאַר זיי שיך, פאַרנעמט זיך צוזאַמען מיט זיי מיט ערדאַרבעט און פיי־ווירטשאַפט.

צו דער צייט איז רייף געוואָרען זיין קינסטלערישער טאַלאַנט — און אַ רייכע גערעטעניש פון פּסיכאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען און נאַטור־איינדרוקען האָט קאָראָלענקאָ פאַרשטאַנען אַרויסצוטראָגען פון די סיבירער טונדרעס.

אין 1885 קומט קאָראָלענקאָ צוריק אין אייראָפּעאישען רוסלאַנד, 10 יאָר פון מאַטערניש און בלאָנדזשען איבער די רוסישע עטאַפּען און טורמען האָבען פאַרפעסטיגט זיין נאַטור. שטאַרק ווי אַ פעלז שטייט ער אין מיטען פון רוסישען לעבען, וואָס די אַלמעכטיגע רעאַקציע האָט פאַרוואַנדעלט אין אַ טויט־רואיג פעלד, און נאָר אונטער דער ערד זאַמלען זיך די כחות, וואָס ווילען באַפרייען אַזוי ווי זיך אַליין, אַזוי אויך דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק.

קאָראָלענקאָ טרעט אַרויס אַלס ליטעראַט. שוין אין זיינע ערשטע דערציילונגען, „מאַקאַר'ס חלום“, „דער וואַלד רוישט“, „ביי נאַכט“, „יום־כפור“, זעען מיר בולט די הויפּט־שטריכען פון קאָראָלענקאָס שאַפונגס־טאַלאַנט — וואונדערשיינע באַשרייבונגען פון נאַטור־בילדער און מענשליכע שטימונגען, צונויפגעגאָסען מיט אַ הומאַניטאַרער ליבע צו אַלע „דערנידעריגטע און באַליידיגטע“.

קאָראָלענקאָ איז ניט, און וויל ניט זיין, אַ „לערער“, אַן „אַפּאָסטאָל“, ווי מיר זעען עס ביי לעוו טאָלסטאָי; אין זיינע ווערק טרעט ער אַרויס איינפאַך און נאַטירליך — אַזוי נאַטירליך איז זיין ליבע צום לעבען, צו מענשען, צו דער נאַטור. די געזעלשאַפטליכע זייט פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט איז ענג פאַרבונדען מיט זיין קינסטלערישער — די העל־לייכטענדע און וואַרימע נאַטור פון וולאַדימיר קאָראָלענקאָ האָט פאַרשטאַנען צו פאַראייניגען ביידע אין איין פעסט־גאַנצעס.

געמיטליך פילט זיך קאָראָלענקאָ ניט אין שטאָט, ניט אין אייזענבאַן־קופּע, ניט אין רעש פון דעם קולטורעלען שטאָט־לעבען — זיין נאַטירליכע סטיכיע איז דער ווייטער וועג, אויף וועלכען ער גייט צו־פוס, און מאַכט זיינע באַאָבאַכטונגען: אָט איז ער צוזאַמען מיט פרומע וואַנדערער, וועלכע גייען זיך בוקען צו אַ הייליגער איקאָנע, אָט איז ער אויף אַ ברעג פון אַ טייך צוזאַמען מיט פישער און פירט מיט זיי רואיגע, האַרציגע געשפּרעכען; אָט איז ער אין אַ גרופּע פויערים, סאָלדאַטען, אָרעמע־לייט, אויף אַ קליינינקען דאַמפּער, וועלכער שלעפּט זיך געלאַסען און רואיג איבער'ן טייך — ער הערט זיך צו צו זייערע געשפּרעכען, נעמט אין זיי אנטייל, און ניט ווי אַ פרעמדער. אַ פּריץ, אַן אינטעליגענט, נאָר ווי איינער פון זיי. קאָראָלענקאָ פאַרשטייט צוצוגיין צום איינפאַכען מענשען מיט אַמאָל, פּלוצלונג, פון די ערשטע ווערטער — זיין נשמה איז אימער געווען אין איינקלאַנג מיט די טענער פון דעם פאָלקס־גייסט.

קאָראָלענקאָ איז אַ גרויסער קינסטלער, אַ ראָמאַנטיקער, וואָס פאַרשטייט צוצוגיין צו די טיפסטע מענשליכע געפילען; כמעט יעדע זייט פון זיינע ווערק רירט טיף, זייער טיף, דעם לעזער מיט איר זאַנפטען אינהאַלט, מיט איר לייכטער מעלאַנכאָליע, מיט איר ברייטען פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז.

קאָראָלענקאָ האָט אָפט פאַרגעסען, אַז ער איז אַ קינסטלער

---

„אַרויסגעקראַטשקעוועט“ און אַזוינע ניט קאָרעקטע אויסדריקען, ווי „האָבען זיך צו (אנשטאָט אין צוויי) טייערסטע פערעלאַך פאַרוואַנדעלט“.

אָבער ניישט געקוקט אויף די אַלע איינציגע פעלערן און אויף דעם אַלגעמיינעם פעלער פון דעם ניט־נאַטירליכען און, לויט מיין מיינונג, ניט־אידישען זאַץ־בוי, איז דאָך נסתר'ס פאַראידישונג פון אַנדערסענס מעשה'לאַך אַ גוטער און אַ גרויסער אויפטו. ווען מען געוואוינט זיך צו צו דער — אונז, ליטוואַקעס, פרעמדער — וואָלינער מוזיק פון נסתר'ס אידיש, זעט מען, אַז דאָס איז ניט קיין טרוקענע, מעכאַנישע, בעל־מלאכה'שע, איבער־זעצונג, נאָר אַ טאַלענטפולע איבערדיכטונג פון אַנדערסענס צאַרטער און אייביג פרישער פּאָעזיע, פון דער פּאָעזיע, וואָס עס האָבען זי ליב אַזוי אַי דערוואַקסענע, אַי קינדער.

פון גאָטס גנאָד, אַז ער קאָן שאַפען אייביגע עסטעטישע ווערק, וואָס זיינען פייאיג צו וועקען גוטע געפילען ביים מענשען; — די שווערע, קאָשמאַרנע סביבה פון צאַרישען רוסלאַנד האָט גע־נייט קאָראָלענקאָ אוממיטעלבאַר אנטייל צו נעמען אין אַלטעג־ליכען קאַמף, כדי צו פאַרטיידיגען די, אויף וועמעס קאָפּ עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזען די שווערע האַנט פון דער רעאַקציע.

אין איינער פון זיינע דערציילונגען מאָלט קאָראָלענקאָ א טיפּ „יאַשע דעם קלאַפּער". יאַשע זיצט אין איינע פון די רו־סישע סיבירער טורמעס. יאַשע האָט איין באַשעפטיגונג — ער קלאַפּט נאָכאַנאַנד, כאָטש די הענט און די פיס זיינען ביי אים געשוואָלען, ווי נאָר עס ווייזט זיך אין קאָרידאָר אירגענד וועלכע „נאַטשאַלסטווע", א נידעריגע, אָדער גאָר א הויכע — וואָס העכער די נאַטשאַלסטווע איז, אַלץ העכער קלאַפּט יאַשע. מען וואָלט יאַשען שוין לאַנג באַפרייט, נאָר מען האַלט אים דערפאַר, וואָס ער מאַכט אומרואיג און לאָזט ניט לעבען די נאַטשאַלסטווע. „זאָל קומען אפילו דער גובערנאַטאָר אליין, וועט ער אים אויך זאָגען גראָבע רייד". און יאַשע קלאַפּט און טענה'ט טאָג אויס, טאָג איין, אַז ער שטייט פאַר גאָט, פאַר'ן קריסטליכען געזעץ, פאַר'ן אמת, פאַר'ן פאָטערלאַנד, פאַר אַלע מענשען; אַז ער מוז אָנווייזען, אַז אַלע נאַטשאַלניקעס זיינען ניט ערליך, אַז זיי זיינען אַנטי־קריסטען, אַז זיי אונטערדריקען דאָס פּראָסטע פאָלק. יאַשען זעצט מען אריין אין א משוגעים־אָפּטיילונג, וואו מ'שלאָגט געוויינליך די קראַנקע ביז'ן טויט; מען ברעכט זיי די הענט און די פיס; יאַשע קלאַפּט נאָכאַנאַנד . . . איז יאַשע א קראַנקער, א משוגע'נער, ווי עס האָבען באַשלאָסען די סיבירער דאָקטוירים פּסיכיאַטרען? ניין. קאָראָלענקאָ זאָגט „ער איז א הייליגער" . . .

און אזא הייליגער איז קאָראָלענקאָ אליין.

זיין גאַנצען לאַנגען לעבען האָט ער ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען, צו באַאומרואיגען אַלעמען, ווען עס האָט געליטען אַן אומשולדיגער, ווען דאָס לעבען אָדער די ערע פון אַן איינצעל־נעם מענשען אָדער פון א גאַנצען פאָלק איז געשטאַנען אין געפאַר.

אין דערין האָט קאָראָלענקאָ געזען די הויפּט־אויפגאַבע פון זיין לעבען. „זעט מען זאָל מיך ניט אויפהענגען, איך בין אומשולדיג", שרייבט אים א קרבן פון דעם זעלבסטהערשענדען רעזשים. און מיט אַן אויסגעמוטשעטער נשמה, אונטערדרי־קענדיג אין זיך דעם פּראָטעסט־געשריי, שלאָגט קאָראָלענקאָ אָפּ די שוועלען פון רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס, ביז אים געלינגט צו ראַטעווען דעם מענשען פון דער פעטליע, וואָס איז שוין געווען ביי אים אויפ'ן האַלז.

קאָראָלענקאָ טרעט מוטיג ארויס אַנטקעגען פילאָנאָווען, וועלכער האָט „באַרואיגט" די אוקראַינישע פּויערים; קאָראָ־לענקאָ האָט אונטערזוכט פילאָנאָווס שאַנדטאַטען און האָט זיי אויספירליך באַשריבען אין די רוסישע זשורנאַלען. ניט לאַנג נאָכדעם איז פילאָנאָוו דער'הרגע'ט געוואָרען דורך מאַריאַ ספּי־רידינאָוואַ. די רעאַקציאָנערע רוסישע פּרעסע האָט באַשולדיגט קאָראָלענקאָן אַלס העצער צו פילאָנאָווס מאָרד . . .

קאָראָלענקאָ איז אינטערנאַציאָנאַל.

לויט זיין אָפּשטאַמונג איז ער א פּאָליאַק, אַן אוקראַינער און א רוס. שוין אין זיין קינדהייט האָט ער געפילט, אַז יע־דערער פון די נאַציאָנען פאָדערט פון אים, אַז ער זאָל אַנער־קענען איינע פון זיי, און זאָל האַסען אַלע אַנדערע . . . דאָס אַלטע פוילען אַז אים געווען פרעמד, אזוי אויך ווי די רעאַק־ציאָנערע ראָמאַנטיק פון די אוקראַינער לעגענדעס. דאָס פאַר־האַלטען זיך פון דעם אָפיציעלען רוסישען נאַציאָנאַליזם אין פאָרם פון אונטערדריקען אַלע אַנדערע נאַציאָנען אין אוקראַינע, האָט אָפּגעהיט די ווייכע נשמה פון יונגעל פון רוסישען שאָ־וויניזם . . . די הומאַניטאַרע טענדענצען פון דער רוסישער ליטעראַטור האָבען פאָרמירט די איידעלע, אינטערנאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון יונגען קאָראָלענקאָ און זיינען פאַרבליבען ביי אים ביז זיין טויט.

אויף וויפיל א ווילד־פרעמד פאָלק קען ווערען נאָענט זיין איידעלער נאַטור האָט באַוויזען דער מולטאַנער פּראָצעס.

אין 1895 איז א גרופּע וואָטאַקען (א קליין פאָלק אין נאָרד־רוסלאַנד) באַשולדיגט געוואָרען, אַז זיי האָבען געברויכט מענ־שענבלוט פאַר רעליגיעזע צוועקען. דער בלוט־בלבול אַנטקעגען די וואָטיאַקען איז אינסצענירט געוואָרען, ווי אַלע אזעלכע פּראָ־צעסען. עס זיינען געווען אומוויסענדע ווי אויך פאַלשע ע״ות; עס איז געווען א געלערנטער „עקספּערט" (דער קאַזאַנער פּראָ־פעסאָר סמירנאָוו), וואָס האָט „אויפגעוויזען", לויט אַלע „ווי־סענשאַפטליכע סימנים", אַז די וואָטיאַקען געברויכען מענשען־בלוט פאַר רעליגיעזע צוועקען. צוויי מאָל האָט מען גע'משפט און פאַר'משפט אומשולדיגע מענשען אויף קאַטאָרגע — און צו־זאַמען מיט זיי דאָס גאַנצע וואָטיאַקען־פאָלק. צוליב איינציגע פאָרמעלע גרונדען איז דער ווערדיקט קאַסירט געוואָרען — און דאָס וואָטיאַקען־פאָלק איז ווייטער געשטאַנען פאַר'ן געריכט.

קאָראָלענקאָ האָט זיך גענומען פאַר זייער פאַרטיידיגונג. נאָכדעם ווי איינציגע פון די גרעסטע רוסישע אַדוואָקאַטען האָבען אָפּגעזאָגט, האָט דאָס וואָרט באַקומען קאָראָלענקאָ. „ווי קאָ־ראָלענקאָ האָט נאָר אָנגעהויבען מיט זיין האַרציגער שטימע" — דערציילט איינער פון די אַנטיילנעמער אין דעם פּראָצעס — איז אין זאַל געוואָרען טויט־שטיל; אפילו די סטענאָגראַפיסט־קעס האָבען אוועקגעוואָרפען זייערע בלייפעדער אום ניט דורכצו־לאָזען קיין איין וואָרט. זיין טיפע ערנסטקייט און אויפריכ־טיגקייט האָט אַלעמען באַצויבערט. פון זיין רעדע איז די גאַנ־צע באַשולדיגונג צעפאַלען ווי א קאָרטען־שטיבעל. צולעצט האָט ער פאַר'ן געריכט גענומען פאָרלעזען דעם רירענדען גע־בעט פון די וואָטיאַקען. „גרויסער, גוטער גאָט, ערהאַבענער און הייליגער, וואָס גיט אונז וואַסער פון הימעל און וואָס באַ־פרוכפּערט די ערד מיט רעגען, בייזער זיך ניט און צאָרן נישט אויף אונז — מיר זיינען ווי קליינע קינדער, וואָס וויסען און פאַרשטייען נאָרנישט. טו מיט אונז דאָס, וואָס דו, גרויסער און הייליגער גאָט, ווילסט" . . . קאָראָלענקאָ האָט זיך אַלץ מער און מער אויפגערעגט, טרערען האָבען זיך א גאָס געטאָן פון זיינע אויגען — ער האָט פאָרלאָזען דעם געריכטס־זאַל . . . די וואָטיאַקען זיינען פריי־געשפּראָכען געוואָרען.

אידען זיינען נאָענט צו קאָראָלענקאָס גייסט . . . אין וואָלין האָט ער געהאַט די מעגליכקייט זיי צו באָאָבאַכטען, און אין דערזעלבער צייט, וואָס פילע פון די גרעסטע רוסישע שריי־בער, ווי גאָגאָל, טיילווייז טורגעניעוו, נעמען אויף דעם אידען פון א פרעמד־פיינדליכען שטאַנדפּונקט — פילט מען אין יעדען ווערק פון ק. אויף וויפיל דער איד איז אים נאָענט און סימ־פּאַטיש.

אין מויל פון א אידען לייגט קאָראָלענקאָ אריין דאָס גע־בעט, וואָס דריקט אויס דעם העכסטען עקסטאַז פון זיין אייגע־נעם גייסט . . . מנחם בן יהודה (די לעגענדע פון פלאַר אַנ־ריפּאַ) קעמפט פאַר דער פרייהייט פון אידישען פאָלק, געגען רוימס טיראַניי. ער בעט ביי גאָט: אדוני, נעם ביי אונז ניט צו דעם גלויבען, אַז דער אמת וועט זיגען אויף דער ערד; מיר זאָלען זיין איבערצייגט, אַז דער געזעץ פון אמת איז אזוי פעסט און זיכער, ווי א נאַטור־געזעץ . . . קיינמאָל זאָלען מיר ניט פאַרגעסען, ביז אונזער טויט, דעם געזעץ פון קאַמף פאַר'ן אמת; קיינמאָל זאָלען מיר ניט זאָגען, בעסער זיך אליין צו ראַטעווען, און די שוואַכע לאָזען אָן פאַרטיידיגונג . . . און איך גלויב, אדוני, אַז עס וועט קומען דיין הערשאַפט אויף דער ערד; טי־ראַניי וועט פאַרשווינדען, די פעלקער וועלען בילדען א ברידער־ליכע בונד, און עס וועט קיינמאָל ניט פאַרגאָסען ווערען קיין מענשליך בלוט דורך א מענשליכער האַנט . . .

אין דעם ביילים פּראָצעס נעמט קאָראָלענקאָ אַן אַקטיווען אַנטייל. אין דער צייט פון די אָקטאָבער פּאָגראָמען (1905) אין אַלע שטעט אין אוקראַינע דערלאָזט קאָראָלענקאָ ניט צו א פּאָגראָם אין פּאָלטאַווע; דאָס זעלבע אין די קאָשמאַרע יאָרען 1919 און 1920. פּאָלטאַווע איז אַן אָאַזיס אין דער מיט־אידיש־בלוט־פאַרפלייצטער אוקראַינע. „דער אַלטער דיר", ווי די פּאָל־טאַווער פּויערים רופען אים, לאָזט ניט צו, אַז זיין פּאָלטאַווע זאָל באַגאָסען ווערען מיט אידיש בלוט . . .

ניט לאַנג צוריק איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין דער „יעווריייסקאַיאַ טריבונאַ" א גרויסער אַרטיקעל פון קאָראָלענקאָ איבער דעם „מאַריאַמפּאָלער פאַרראַט", אין וועלכען ער נעמט זיך אָן פאַר'ן אידען גערשאָנאָוויטש, וואָס איז אומשולדיג פאַר'משפּט געוואָרען דורך א מיליטער־געריכט, אין יאָר 1915, פאַר פאַרראַט, אויף 8 יאָר קאַטאָרגע . . . די גאַנצע שולד פון גערשאָנאָוויטשען איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ווען די דייט־טשען האָבען אָקופּירט דאָס שטעטעל, האָבען די איינוואוינער אים אויסגעקליבען פאַר א בורגמיסטער. פון דעם אַרטיקעל איז צו זען אויף וויפיל די ערע פון אידישען פאָלק איז נאָענט דעם גייסט פון גרויסען רוסישען הומאַניסט.

דעם טויט פון קאָראָלענקאָ באַדויערט גאַנץ רוסלאַנד. די

# געשלעכטליכע עקסצעסען

פון דר. יוסף טענענבוים

די מענשליכע נשמה איז דאס קאמפליצירטסטע וואס עקזיסטירט אויף דער וועלט. זי איז נישט נאר קאמפליצירט און פארוויקעלט אין אירע ווילענס־אויסערונגען, וואס מיר באמערקען און אנאליזירען, נישט נאר אין אירע אורטיילען, וואס מיר משפט'ן און קריטיקירען; נאר מער נאך בנוגע דעם טונקעלען לאבירינט פון מאטיווען און געפילען, וואס קומט אונז זעלטען וועו צום באוואוסטזיין.

און ווייל דאס געשלעכטליכע לעבען איז ניט נאר א מעכאנישער באפרידיגונגס־טריב, נאר אויך א קאמפליצירטער פסיכישער פראצעס, אדער, ווי א סך באהויפטען, דער צענטר און דער מאטאר פונ'ם פסיכישען לעבען איבערהויפט, אזוי איז עס קלאר ווי פארוויקעלט, ווי פילפארביג עס איז דאס, וואס דאכט זיך צו זיין א וואכעדיגער אינסטינקט, וואס שטרעבט נאך מאטעריעלער באפרידיגונג.

און אויב אימיצער איז אפילו טאקי ניט מסכים מיט פ ר י י ד און זיינע אנהענגער, אז דער געשלעכטליכער טריב באהערשט א ל ע אונזערע געפילען, די קריסטאל־ריינע מוטער־ליבע און די הייליגע פריינדשאפט ניט אויסגעשלאסען, אזוי מוז ער דאך צוגעבען, אז פון די צוויי דעספאטען — הונגער און ליבע — וואס באהערשען די וועלט, באלאנגט טאקי די ליבע צו דעם סארט פון „אויפגעקלערטע דעספאטען". וואס האבען געהאלפען בויען אונזער קולטור און באפרוכטען די אנטוויקלונג פון דער וועלט.

וואו עס זאל ניט ליגען דער קוואל פון ליבע, און ווי טיף און ברייט אירע ברעגעס זאלען ניט זיין — אירע ריטשקעלאך און כוואליעס זיינען פארשוואומען ווייט, ווייט פונ'ם מקור און באגיסען היינט אלע פעלדער פון דער מענשליכער קולטור, זואס איז אפהענגיג פון איר חיונה פונקט אזוי שטארק ווי דאס עופה'לע פון דעם נאפעל. אבער, כדי צו בלייבען ביי אונזער בילד, די דאזיגע כוואליעס זיינען היינט שוין ניט מער דאס־זעלבע וואס דער מקור איז געווען. שווימענדיג איבער בערג און איבער טאלען, איבער לענדער און ימים, האבען זיי אין זיך אויפגענומען דעם זאפט פון נייע ערדטיילען און גראבענדיג פאר זיך נייע קאנאלען אונטער דער ערד, האבען זיי געענדערט זייער תוכן און געווארען רייכער, זאפטיגער, פיינער, אבער טאקי אלין מעכטיגער און מער קאמפליצירט.

די ליבע פון א קולטור־מענשען איז שטארקער פון דעם פארהעלטניסמעסיגען איינפאכען געשלעכטס־טריב פון אונזער נאקעטען אור־עלטער־זיידען, וואס האט נאך ניט געהאט גענאסען פון דעם עץ־הדעת. זי איז טאקי פארדעקט מיט מער אדער ווייניגער צעריסענע פייגען־בלעטלאך, אבער זי איז נאך פיל שטארקער אין איר פארדעקונג ווי אין העלען ליכט, און ווי א וואסערפאל וואקסט איר קראפט וואס ווייטער זי איז פון מקור און וואס גרעסער די מניעה וואס פארשפארט איר דעם וועג.

אט אין דעם ליכט זיינען אויך די געשלעכטליכע עקסצעסען פיל קלארער און לייכטער צו פארשטיין.

דער געשלעכטס־טריב איז ניט מער א גלייכע ליניע, וואס צילט דירעקט צום ציל פון זיין פארלאנג, נאר א געשלענגעלטער וועג מיט פיל זייטענגעסלאך און שטעגען. בלייבט איינער שטיין אין איינעם פון זיי און פילט זיך באפרידיגט אויפ'ן האלבען וועג, אזוי האבען מיר צו טאן מיט א געשלעכטליכער פאראירונג, מיט א מין פארבלאנדזשעניש, אנטקעגען וועלכער די געזעלשאפט פארטיידיגט זיך מיט אלערליי נארישע געזעצען, כאטש די מיינסטע פון זיי (אויסגענומען אן אנדערען סארט פון גרויזאמע און ברוטאלע עקסצעסען) זיינען פאר קיינעם ניט געפערליך.

מיר ווילען דא ניט פיל רעדען וועגען די אלערליי פאראירונגען, ווי אינטערעסאנט זיי זאלען ניט זיין, און דערווייל נאר באריהרען א פאר כמעט נארמאלע, אדער האלב־נארמאלע ערשיינונגען, פאר וועלכע „עקסצעסען" איז אייגענטליך ניט תמיד דער פאסענדער אויסדרוק.

איינע פון זיי איז די „אנאניע", אדער זעלבסטבאפרידיגונג.

די אנאניע, אדער זעלבסטבאפרידיגונג, איז אזוי ווי אן אטאוויסטישע ערינערונג פון איינגעשלעכטליכע לעבעוועזען, וואו עס זיינען נאך די געשלעכטער ניט פאנאנדערגעטיילט, אדער, כדי צו פאראפראזירען פ ל א ט א ן, — איידער דאס געשלעכטסלאזע אור־וועזען איז צעריסען געווארען אויף צווייען און אזוי האלטען ביידע שטיקער אין איין בענקען, כדי זיך ווידער צו באהעפטען אינאיינעם.

אנאניע איז שטארק פארברייטעט אויך צווישען חיות. מען קען זי אפט באאבאכטען ביי הינט און אנדערע.

ביי מענשען איז אנאניע זייער שטארק אנטוויקעלט, און אפילו קליינע קינדער קענען ארייגפאלען אין דער שלעכטער געוואוינהייט. צו געפינען אן אנאניסט אין וויגעלע איז גאר ניט אזוי זעלטען, ווי עס דאכט זיך. ספעציעל קינדער מיט אנטציינדונגען ארום דעם גליד אדער קליינינקע מיידעלאך, וואס ליידען פון געוויסע ווערים, ווערען שטארק גערייצט, זיי קראצען זיך און פארזוכען פאמעליך דעם טעם פון געשלעכטס־פארקער. אזעלכע קינדער, אויב מען היילט זיי ניט אויס, פארקריכען אלץ ווייטער און בלייבען כראנישע אנאניסטען.

די מיינסטע אנאניסטען, אבער, הייבען אן צו פראקטיצירען אויף דער שולבאנק. דארט זיצט דער 13־יעריגער איינגעל פארכמארעט און ברוגז, און דורך א קליין פענסטערל לייכט אים אריין דער פרילינג פון דעם דערוועקטען געשלעכטס־טריב: דער לערער נודעט אים ארויס די נשמה; אבער אין דער זייט זיצט אן עלטערער חבר און שושקעט עפיס אזוי מאדנע זיסלאך און גיסט אריין דעם ערשטען גיפט־טראפען אין אויער אריין. ער עפענט פאר אים דעם גן־עדן — פון גיהנום ווייסען דאך די אומשולדיגע קינדער ביידע ניט. אמאל איז אבער טאקי דער רבי אליין דער מחבל, און א סך קינדער דערוויסען זיך ערשט פון דעם סוד, בשעת זיי ווערען געשמיסען. מיט דעם שמייסען קומט די געשלעכטליכע ערעגונג און פון דאנען א שריט ווייטער פירט צו סיסטעמאטישער אנאניע. דאס זאל זיין א לערע פאר א סך טאטע־מאמעס, וואס מיינען אז דער רבונו של עולם, וואס האט פאר אלעמען אזוי גוט געזארגט, האט אויך באשאפען א געוויסען קערפער־חלק לתורה ולעבודה — כדי ער זאל דינען א מין פאדוואלניע פאר מאראל און חכמה. דער אמת איז אבער, אז פון דעם טייל פונ'ם גוף וואלט אפילו משה־רבינו'ס שטעקען ניט געקענט ארויסשלאגען קיין קוואל פון מאראל און אונזערע טאטע־מאמעס, וואס „די הענט בייסען זיי צום שמייסען", מוזען זיך שוין מטריח זיין און אויסזוכען זיך א בעסערן פלאץ פאר זייערע פעטש.

אנדערע הייבען ערשט אן שפעטער זייער פראקטיקע און־

---

אוקראינער סאוועט רעגירונג האט באשלאסען צו שטעלען קא־ראלענקאן א דענקמאל אין פאלטאווע.

דער פארשטארבענער איז נאענט צו אלע קרייזען און אלע געזעלשאפטליכע שיכטען; זיין גרוסער הומאנער גייסט האט פארשטאנען צו שטעלען זיך העכער איבער די אינטערעסען פון אלטעגליכען קאמף — זיין ערהאבענע פערזענליכקייט שטייט פאר אלעמען אין איר גאנצער גרויסקייט, ניט נאר פאר רוסלאנד, נאר פאר דער גאנצער וועלט.

אם ריכטיגסטען האט קאראלענקא אויפגעפאסט א גרופע רוסישע קינסטלער, וועלכע האט צו זיין 60־יאריגען יובילייאום אים געדאנקט „פאר זיין שיינעם לעבען, מיט וועלכען ער האט באשאנקען די מענשהייט"...

יא, קאראלענקאס לעבען אלס סינטעז פון קונסט און קאמף, אלס גרויסע הומאנע טאט, איז אריבער אין דער מענשליכער געשיכטע אלס ביישפיל פאר די צוקונפטיגע דורות. ער איז געוועו זיין גאנצען לעבען דער פארקערפערטער געוויסען פון רוסישען פאלק און אלס אזעלכער איז ער אריבער אין דער אייביגקייט.

טער דעם איינפלוס פון אן אויפרייצענדער ליטעראטור, אדער פון שלעכטער געזעלשאפט. ווידער אנדערע באטראכטען עס אלץ א מין ערזאץ (סובסטיטוט) פאר חתונה־לייסענס און זיינען זיך צופרידען.

וואס עס זאל אבער ניט זיין די סבה פון דער פאראירונג, איינס איז זיכער, אז אזוי גרינג ווי עס שיינט צו זיין דער אנהייב, אזוי שווער איז דאס אויפהערען פון דער פראקטיקע און דורכדעם איז די קראנקהייט מער א פראגע פון א שטארקען אדער שוואכען ווילען, און מוז אפט אלס אזעלכע באהאנדעלט ווערען.

איצט קומען מיר צו דער וויכטיגסטער פראגע.

אלע פאציענטען פון דעם סארט האבען די פראגע אויף דער צונג נאך איידער זיי עפענען די טיר: צי איז אנאניע זייער געפעהרליך? אין זייער איבערגעהיצטער פאנטאזיע זעען זיי בילדער פון שרעקליכע פאלגען און האלטען אין איין אריינקלאפען ט'שוועקעס אין זייער פארגעשטעלטען טויטענקאסטען. אט די פארשטעלונג מאטערט זיי טאג און נאכט און לאזט זיי ניט שלאפען, און אלץ מער נערוועז זיי ווערען, אלץ ערגער ווערט אויך די מעגליכקייט גובר צו זיין דעם אנאניסטישען יצר־הרע.

באמת האט כמעט יעדער מענש אמאל דורכגעמאכט א קורצערען אדער לענגערען פעריאד פון אנאניע און די מייסטע מענשען זיינען דאך פולשטענדיג נארמאלע און געזונטע פאמיליען־פאטערס.

די אנאניע פאר זיך אליין, אויב זי איז ניט אויסגעאיבט צו אפט און ווערט באטריבען נאר פאר א קורצער צייט, איז גארניט, אדער ווייניג שעדליך. זי לאזט אויך מערסטענטיילס ניט איבער קיין שום זכר.

אנדעריש איז עס מיט שטענדיגער אנאניע, וואס ווערט באטריבען יארענלאנג. אין דעם פאל בילדט זיך לייכט אויס אן אנטצינדונג פון דער פראסטייט און אפטמאל א כראנישע ניש ט־גאנארעאישע אנטצינדונג פון דעם געשלעכטסרער; אבער, ווי געזאגט, דאס טרעפט נאר אין פאל פון א לאנג־יעריגער, כמעט טעגליכער, אנאניע, און אויך דעמאלט איז די קראנקהייט ניט שווער אויסצוהיילען. שווערער ווי אויסצוהיילען די קראנקהייט איז צו באאיינפלוסען דעם קראנקענסווילען, און אים מאכען אזוי שטארק, אז ער זאל קענען ווידער שולט זיין איבער דער געשלעכטליכער פונקציע. אזוי זיינען פאראן אנאניסטען, וואס באטרייבען זעלבסטבאפרידיגונג אויך נאך חופה־וקדושין, כאטש זיי מאכען אויך דעם פילען געברויך פונ'ם "הרי את . . ." אין דעם פאל איז די געוואוינהייט שטארקער פון דער נאטור.

יעדענפאלס מוז באטאנט ווערען, אז די מורא פאר די פאלגען איז שטארק איבערטריבען, און כאטש אנאניע איז א קראנקהייט און קען פאראורזאכען אויך ערנסטע שטערונגען, איז אבער א קורצער פעריאד פון אנאניע, וואס מ'האט אמאל דורכגעמאכט, גאנץ אומרעגעלמעסיג און ניט צו אפט, כמעט א זאך וואס לאזט נישט איבער קיין שום טיפערע שפורען אין מענשליכען געזונט.

# מיט דער כוואליע

פון פ. בימקא

אז דער טאג האט אים אויפגעמאכט די אויגען, האט ער זיך אנגעטאן, און נישט אריינגעגאנגען נעמען די זעג צו דער מלאכה, נאר אוועקגעשטעלט ביי דער טיר, און געשטאנען.

— וועלוועל, וואס גייסטו נישט אריין ארבעטען? — האט אים די מוטער חושכ'דיג אנגעקוקט.

און דער יונג איז געשטאנען.

אויף זיין הארטען פנים איז געלעגען א פינסטערער וואלקען, פונקט ווי אויפ'ן הימעל אין דרויסען, וואס האט זיך נאך נישט געהאט אויסגעלייטערט; זיינע אויגען האבען געקוקט צו דער ערד אראפ . . .

— וועלוועל, וואס איז מיט דיר היינט דער מער? . . .

און דער יונג האט זיך נישט גערירט; ביז ס'האט זיך פון דרויסען דערטראגען א געזימעל פון מענשען, הארטע קולות, — האט עס אים אפגעריסען פון דער לייסט, און גענומען א האמער אין האנט, אים א הייב געטאן אויפ'ן אקסעל; אבער דא איז אים די מוטער פארלאפען אין וועג, זיך צוגעקלעבט צו אים, און מיט גרויס הארצקלאפונג, אזוי ווי א פינסטערע אימה וואלט אראפגעפאלען אויף איר קאפ, — אים ארומגעהאלטען:

— וועלוועל, דו גייסט נישט . . .

דעם יונגס אקסלען האבען אויפגעצויקט, איבער די פולבלוטיגע אויגען האבען זיך טונקלע ברעמען אראפגעלאזט; און ביים אראפלאזען האט מען געקענט זען זייער טונקעלע קאליר; ס'מויל זיינס האט זיך אויסגעקרימט, און נישט גערעדט; דער טריט פון איין פוס איז שוין געוועזען געמאכט, און איז דעריבער געוועזען עטוואס אפגערוקט פון צווייטען; דער האמער איז געזעסען הארט אויפ'ן אקסעל . . .

און די מוטער — נישט זי האט אפגעטרעטען, נאר עקשנותדיג אריינגעקוקט אין זיין פנים, פונקט ווי זי וואלט געשפירט, אז דעם יונגס לעבען קען דא ערגיץ פארלוירען ווערען מיט זיין גיין, און זיך דעריבער אנגעלייגט אויף אים, געווארגען מיט די טרערען אין האלז:

— וועלוועל, כ'זאג דיר: דו גייסט נישט . . .

פון דער אנדער זייט טיר, וואו עס האט גערארפט זיין נאך א שטוב, — האט זיך דא עפּיס א בארוויסע מויד אפגעריסען; פונקט אזוי ווי זי וואלט דערשפירט אין סוף־שלאף דאס ראנגלען זיך פון דער מוטער מיט'ן זון, — א ווארף געטאן איבער אלע דריי־פיר בענקלעך, וואס זיינען געשטאנען צעשטעלט אין דער ברייט פונ'ם בעט, אז זיי זאלען צוהאלטען ס'בעט־געוואנט, וואס זאל איבער א נאכט, ווען ער ליגט אזוי גע'פגר'ט אין א זיסען כראפען, נישט אראפפאלען צו דער ערד; מיט איר גאנצען אימפעט ארויפגעפאלען אויפ'ן יונג, און מיט דער אייגענער עקשנות פון דער מוטער, וואס האט געשפירט ווי דער טויט שוועבט איבער'ן יונג,—זיך געבעטען:

— וועלוועל, וואו גייסטו?

און דער יונג, וואס איז געוועזען אזוי ווי געלעמט, האט אלין נישט געהאט קיין כח זיי בייצוקומען, — ביז ס'האט זיך נישט אפגעריסען אין דרויסען, און א שטיק פייער איז אים פאר די אויגען אריבער; דאס האט אים אויפגעטרייסעלט אין זייערע הענט, אז ער האט זיך אפגעשאקעלט פון זיי, גראד ווי א וואלף וואס שאקעלט זיך אפ פון זאמד, וואו ער ליגט און טארעט זיך אויס, — און מיט די ליפען קוים ארויסגעבראכט, וואס די אויגען האבען נאך אפילו פריער געזאגט:

— גע'הרג'עט ווערען, גיי איך . . .

---

דער טאג איז נאך געוועזען פריש. דער הימעל — נישט ריין, און אין די גאסען איז שוין אבער א קלארע ליכטיגקייט געוועזען אויפגעהעלט אויף די ווענט פון די הייזער, וועלכע האבען נאך געהאט אויף זיך די ווייסע זילבערנע ראסע פון ביינאכט...

דער יונג איז דא ארויס מיט'ן האמער אין דער האנט, און נישט געשפירט, ווי די מוטער זיינע שלאגט זיך קאפ אין וואנט, הינטער אים; און נישט געהערט, ווי די נאקעטע מויד מיט די ברוינע פיס, און געקענדזשערטען קאפ האר, — האט עפּיס נאך געשריגען, און אין דעם אייגענעם הולך אים באוויזען אנצוכאפען אויפ'ן הויף:

— געדענק, וועלוועל, צו וואס דיינע פיס וועלען דיך טראגען . . .

און זיך צוריקגעכאפט אויס בושה, ווייל זי האט זיך ארומגעזען: אז זי איז נאקעט, אין מיטען העלען טאג, און נאר געקענט ארויסלאזען אזא פירכטליכען גריליץ, ווי א געשלאגענער הונט:

— געדענק, וועלוועל, אפגעשניטענע יאר וועסטו האבען...

דער יונג, קען זיין, האט שוין מער דאס נישט געהערט; דער קלאנג און דאס מאוימ'דיגע געזאנג האט אים פארטויבט אויפ'ן קאפ; צווישען שווארצע, פול־בלוטיגע און אפגעריסענע

חברה־לייט, אזעלכע ווי ער, האט עס אים געטראגען; און מיט אזעלכע אומגעלומפערטע, רויע, חיה'שע קולות ווי זיי אלע געריועט, געריסען, דעם האמער אלץ העכער געהויבען, און אליין נישט געוואוסט מער:

— וואו ס'האט זיך אנגעהויבען מיט אים, און אויסגעלאזט מיט אנדערע; וואו ס'זיינען אנדערע, — וואס ער איז נישט מיט זיי? . . .

ס'האט אים געטראגען . . . די קולות געהויבען . . . אפילו ווען ער איז געשטאנען, געשפירט: ער שטייט, — האט עס אים אלץ נישט אויפגעהערט צו טראגען און הייבען . . . אפילו ווען די גאסען און די הייזער האבען זיך מער נישט געמישט פאר די אויגען, און דער קיילעכדיגער מארק מיט די הויכע מויערן האבען זיך מער נישט אומגעביטען, — האט עס אים נאך אלץ געטראגען און געהויבען . . . .

ר'האט נישט מער געקענט איינשטיין אויף אן ארט, און נישט מער געוואוסט: מ'ברויך גיין . . . מיט דער גאנצער ברייט, און פארנעם, און אימפעט . . . און ווען די כוואליע האט זיך דא ברייט אויסגעגאסען איבער'ן מארק, און אויף די געזעמסען פון די פאמניקעס, דענקמעלער, האבען הייזעריגע העלזער זיך געריסען:

— מ'ברויך דא בלייבען שטיין . . . ס'לוינט נישט איינצורייסען, פטר'ן די כחות . . .

האט ער נישט אינגאנצען פארשטאנען, דער יונג, וואס ס'הייסט: „נישט פטר'ן די כחות . . .“ און ס'האט זיך אים געדוכט: אז מ'האט זיך דא פארהאלטען נאר צוליב איינעם, וואס האט זיך פארשטאכען אין פוס, און קען נישט ארויפשלעפען מער דעם שיך, ווייל ער איז אנגעשוואלען געווארען ווי א קישען, און אנגעלאפען מיט בלוט . . .

און געהויבען דעם האמער:

— מ'ברויך גיין, שטארק גיין . . .

און אלע אנדערע מיט אים, וואס האבען אזוי קנאפ ווי ער געוואוסט: וואס ס'הייסט אויפ'ן מארק בלייבען שטיין, — האבען די האמערס אויף די אקסלען געהויבען, און געמאכט מיט די פיס, זיך געשפארט:

— מ'ברויך גיין . . . וואס עפיס געבליבען שטעקען דא?

אקסעל צו אקסעל—צוגעשפארט, און זיך טאקי באלד אפגערוקט; פון דריקען זיך—זיינען די קולות געווארען העכער, מיפער, די געשרייען—מער הייזעריגער, חיה'שער . . .

אבער—די הייזער האבען זיך שוין דא ווידער געביטען: קלענערע . . . גרעסערע . . . נענטער זיך צוגויפגעקומען...

פרייטער זיך צעגאנגען . . . און אין זייערע אייגענע קולות—האט זיך אויסגעדוכט: ווי דעכער זאלען קלינגען . . . ארונטערפאלען איבער די קעפ . . .

מ'גייט . . .

די צעברענטע פנים'ער זיינען אנגערויט . . . די האר—צעפאלען אויפ'ן שטערן, אזוי ווי די גרזשיוועס ביי צעהיצטע פערד . . . די ערד, דוכט זיך, טרייסעלט זיך . . . די הייזער ציטערען . . . פאכען . . . בייגען זיך . . . בוקען זיך . . . און עפיס קוילערט זיך איבער זיי . . . ס'גרילצט אויף די שויבען . . . יענער גרילץ, וואס די מויד האט אים ארייגעשריגען אין אויער.

— וועלוועל, אפגעשניטענע יאר וועסטו האבען . . .

און ס'טראגט אים . . . די פיס פארפלאנטערען זיך, טרעטען אן אויף עפיס ווייכס, ער פאלט אריבער, און שטעלט זיך גלייך; ביז—זיי בייגען זיך אינגאנצען איין, לייגען אים אוועק, אזוי ווי זיי וואלטען זיך איינגעשפארט, נישט געוואלט מער טראגען . . . ער שפירט: ווי די אנדערע, וואס גייען נאך,—פארטשעפען זיך אין אים, פאלען אריבער, און בלייבען אויך שוין ליגען . . . און עס הייבט אים אונטער . . . ס'טראגט אים . . . און קלערט:

— נישט אנדערש: ער האט זיך מסתמא אויך ווי יענער פריער,—פארשטאכען אין פיס. און זיך נאר פאר א וויילע אויסטאן דעם שיך, וואס קלעבט אזוי און איז שוין פול מיט בלוט; אויסטאן פאר א ווייל, און ווייטער גיין . . . ווארים, מ'איז דאך שוין פון מארק ארוים . . . וואס איז דא א סך צו קלערען? . .

---

אונטער די הענט, און אזוי אייגען ווי זי האט זיך ארויסגעווארפען פון בעט, איז געלאפען די מויד, מיט א משוגענעם אויסזען, און געשלעפט די מוטער א צעטראגענע נאך זיך:

— ס'איז נישט ווייט שוין, מאמע, וואו מ'האט געשאסען . . .

און זיך דערשלעפט צום ארט, וואו די זון האט מער ארט געהאט צו ברענען און בראטען,—האט זי צווישען אנדערע באלד געזען וועלוועלען ליגען, מיט'ן האמער אויפ'ן אקסעל, אין די האנט האט אים ארומגעהאלטען; ס'פנים זיינס איז נאך געווען אזוי פריש און מונטער, פונקט ווי ער וואלט ערשט פון בעט ארוים, און פאר דער איינער ווײלע נאר—וואס געהאט ארויסגעברענגט פון מויל, בשעת ער האט זיך געריסען אין גאס ארײן:

— גע'הרג'עט ווערען גיי איך . . .

---

# באפריי!

(די אין די טורמעס געווידמעט)

פון מאטעס ל.

מיט דעם פאקעל אין האנט,
דרייסט,
די קארצער שווערע טירען ריגעל אויף,
און בעפריי
דעם געשלידערטען צו שאנד: —
דעם וועלט שענסטען, נאבעלסטען זון,
וואס ליגט אין אייגען בלוט,
דערפאר
וואס ער האט א צוויטענס בלוט פארגיסען
זיך אנטזאגט.

דעם דערנער־קראנץ אויף זיין מארטירער־קאפ
מיט רויזען רויטע פלעכט אויס;
און דעם שאנד־שייבען אויף זיין ריין־ערענהאפטען שטערן
מיט די שטיל־פליסענדע, תוים־מוטערליכע טרערען
וואש אפ;
און צי פון אים אראנטער דעם געשטרייפטען קלייד,
אין ווייסען היל אים איין,
און נאבגיין זאל נאך זיין טראט
דאס גרויסע געטליכע שיין,
ווייל הייליג איז ער —
א הייליגער.

און אין ערפורכט זאלען זיי קניען צו זיינע פיס,
און הויך איבער זייערע קעפ זאל שוועבען:
זייער טייערער זון, זייער געפאלענער זון,
און בעטען זאל ער —
לעבען . . .
לעבען . . .

און וואנזיניגערהייט
פון זעאונגען שרעקליכע, מורא'דיגע;
געפלאגטע פון חרטה,
צעביסענע פון זינד,
וועלען זיי אויף זיך רייסען האר און קלייד
און בילען ווי פארצווייפעלטע הינט
אין פארזוך זיך צו נעמען דאס לעבען.

— — — — — — — — — — — — —

נאר „דו“,
וועלט שענסטער, נאבעלסטער זון —
וועסט זיי טרייסטען,
זארגעבען . . .

# ביבליאָגראַפיע

י. ב. סאלאמאנדרא:

## דער אידישער אַלמאַנאַך

(אַ יאָר־בוך פאַר נייטיגע אינפאָרמאַציעס און סטאַטיסטיק, רעדאַגירט פון וויקטאָר מירסקי און אַרויסגעגעבען פון דער „דזשואיש אלמאַנאַך פּאַבלישינג קאָרפּאָריישאָן“, 1922, ניו־יאָרק.

שוין עטליכע יאָר, ווי מיר האָבען דאָ אין אַמעריקע אינגאַנצען ניט געהאַט קיין נייע יאָר־ביכער. די עטליכע פּראָבען, וואָס עס האָט געמאַכט די אידישע סאָצ. פעדעראַציע אויף דעם געביט, האָט אַנטמוטיגט אַנדערע אַרויסגעבער צו פּראָבירען פאָרטזעצען די אַרבעט. עס איז ניט געווען קיין פינאַנציעלער ערפאָלג און פאַרלעגער וויכען געוויינליך פון ריזיקאַלע געשעפטען. עס שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז עס איז גאָרניט אַזאַ ריזיקאַלער עסק. דער אויבענדערמאָנטער יאָר־בוך איז דער בעסטער עדות.

דאָס איז אַ בוך פון אַרום 300 זייטען, אָנגעפּיקעוועט מיט אַ מאַסע ידיעות, סטאַטיסטיק, אַרטיקלען און סתם נאָטיצען. די הויפּטווערט אָבער פון דעם בוך ליגט אין זיין רייכען אינפאָרמאַטיווען אינהאַלט. עס איז קענטיג, אַז דערביי איז צוגעלייגט געוואָרען אַ פלייסיגע, גענויטע האַנט. לײדער מערקען זיך אָבער ערטערווייז סימנים פון איילעניש אַפילו אין דער איינגעגעבענסטער אַרבעט פון דעם גאַנצען בוך. מיר ווילען זיך באַנוגענען מיט איניגע אָנווייזונגען.

אין די היסטאָרישע און ביאָגראַפישע דאַטען פעלען אָפטמאָל די מאָנאַטען און טעג. עס זיינען אויך אויסגעלאָזען געוואָרען זייער וויכטיגע דאַטען, און פאַרקערט, ווייניגער וויכטיגע זיינען גראָד פאַראַן. אין די יאָרען זיינען אַריינגעפאַלען איוניגע דרוק־פעלערען, אַ זאַך וואָס מוז אונטער אַלע אומשטענדען אויסגעמיטען ווערען, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען כראָנאָלאָגיע, אָבער דרוק־פעלערען זיינען גראָד אין בוך פאַראַן גענוג און גענוג.

נעמט די גאַנץ אינטערעסאַנטע אָפּטיילונג פון „באַקענט זיך מיט די פאַראייניגטע שטאַטען“. זי איז באַלערענד און גוט צוזאַמענגעשטעלט, אָבער אויך דאָ האָט די איילעניש אַרויפגעלייגט איר שטעמפּעל. למשל: „די וויכטיגסטע שטאָט אין דעם שטאָט ראָוד־איילענד איז ניופּאָרט.“ עס דאַרף זיין—פּראָווידענס. אָדער אין דער אָפּטיילונג אַנטדעקונגען און ערפינדונגען פעלען אַזעלכע פּאָפּולערע זאַכען, ווי פּאַקען־שטעלען, פאָטאָגראַפיע, א. אַ. וו. אין דער אָפּטיילונג פעלט אויך אַ קלאַסיפיקאַציע לויט'ן א. ב., אָדער לויט כראָנאָלאָגיע. יאין דער אָפּטיילונג לענדער און פעלקער ווערט אָפּגעגעבען פאַלעסטינע עטליכע שורות, אין דערזעלבער צייט ווערט בעלודזשיסטאַן אָפּגעגעבען מער פּלאַץ. עס איז דאָרט אויך פאַראַן אַן אינטערעסאַנטע טאַבעלע וועגען דעם לוין פון די אייזענבאַן־אַרבעטער אין אַמעריקע פאַר אַ רייע יאָרען. גאַנץ גוט און וואול. אָבער אונז דוכט, אַז אין אַ אידישען יאָר־בוך האָט מען פריער פאַר אַלץ געדאַרפט געבען אַ טאַבעלע וועגען דעם לוין פון די אידישע אַרבעטער אין קלאָוק טרייד, ביי די שניידער, ביי די פּאַריערס, פּיינטערס און קאַרפּענטערס. אַזעלכע טאַבעלען איז לייכט צו באַקומען אין די הויפּט אָפיסעס פון די דערמאָנטע יוניאָנס, איבערהויפּט ביי די וואָס האַלטען אָן ספּעציעלע „ריסערטש“ דעפּאַרטמענטס.

געוויסענהאַפט איז צוזאַמענגעשטעלט די קליינע ענציקלאָפּעדיע פון ל. לאַקסאָן. דער אידישער מאַסען־לעזער קען זיך מיט דעם באַנוצען אויף טריט און שריט, ווען ער לעזט ערנסטערע זשורנאַלען אָדער ביכער. אין אַלגעמיין איז דער יאָר־בוך פול מיט קלענערע און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען וועגען אַסטראָנאָמיע, קאָסמאָגראַפיע, אָקעאַנאָלאָגיע, ביאָגראַפישע נאָטיצען וועגען באַרימטע אידישע פילאָזאָפען, א. אַ. וו. עס איז פאַרשטענדליך, אַז די פאַרשידענע קליינע דעפעקטען דאָ און דאָרטען קענען גרינג באַזייטיגט ווערען אין דער צווייטער אויסגאַבע.

דער אַרטיקעל פון קאָנגרעסמאַן סיגעל וועגען דעם קאַמף פאַר פרייער אימיגראַציע האָט איניגע אינטערעסאַנטע געדאַנקען וועגען די ווייטערדיגע אויסזיכטען פון אימיגראַציע אין אַמעריקע. דער אַרטיקעל האָט אָבער איין גרויסען חסרון, וואָס ער קלינגט צו פּערזענליך און איז ווייט פון אָביעקטיוויטעט. צווישען די, וואָס ער דערמאָנט שוין יע, אַז זיי האָבען זיך באַטייליגט אין דעם קאַמף פאַר פרייער אימיגראַציע, ווערט אַפילו מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט די טעטיגקייט אויף דעם געביט פון מאיר לאָנדאָן, דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן.

י. פישמאַנס אַרטיקעל וועגען ציוניזם לוידט שוין ניט אַזוי פיל פון דעם חסרון. ער איז אין אַלגעמיין פול און אויספירליך. לוידט אָבער דער אַרטיקעל פון דעם טערקישען אידיש, אין וועלכען ער איז געשריבען. ער איז אַפילו ניט פריי פון גראַמאַטישע פעלערען. אגב ווילט זיך אָנווייזען, אַז אויך ה' פישמאַן איז ערטערווייז געווען ניט גאַנץ אָביעקטיוו. צו וואָס פאַרשווייגען דעם פאַקט, אַז אויף דעם לאָנדאָנער פערטען קאָנגרעס האָט די ענגלישע רעגירונג אַפילו ניט געשיקט קיין אָפיציעלען פאָרטרעטער צו באַגריסען דעם קאָנגרעס, אַ זאַך וואָס ווערט געוויינליך געטאָן פון יעדער מלוכה און איבערהויפּט פון דער דזשענטעל־לידי מאַדאַם בריטאַניע. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט פילגיכט געוואָרפען אַ שטיקעל שאָטען אויף די „פריינדליכע“ כוונות פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מעג אָבער אַן אָביעקטיווער שרייבער פאַרשווייגען אַזאַ פאַקט, וואָס האָט אַגב טאַקע פיל ביי געטראָגען צו דעם שפּעטערדיגען הערצל־פּעסימיזם און זיין אָנכאַפּען זיך אָן דעם אוגאַנדע פאָרשלאָג? אָדער צו וואָס פאַרשווייגען, ווען ער רעט וועגען הערצלס אָפּמאַך מיט פלעווען וועגען די באַדינגונגען, וואָס פלעווע האָט געשטעלט, אַז די אידישע יוגענט זאָל זיך אָפּזאָגען פון די רעוואָלוציאָנערע טענדענצען?

ח' מאַגידאָווס אַרטיקעל וועגען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע איז שוין דערפאַר אינגאַנצען אָביעקטיוו. ער לעזט זיך גרינג און דער לעזער קריגט אַ באַדייטענדען באַגריף וועגען דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג אין די פריערדיגע יאָרען. גוט איז אויך אָנגעשריבען א. עפּשטיינס אַרטיקעל וועגען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען און דער אַרטיקעל פון פ. שובאל וועגען דער דערציאונגס־סיסטעם אין אַמעריקע.

אַ שלעכטען איינדרוק מאַכט דער ביזנעס־אַדווערטייזמענט גלייך נאָכ'ן טעקסט פון דר. דובאָווסקיס אַרטיקעל „ערשטע הילף“. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז אויך דער אַדווערטייזמענט געהערט צו דעם אַרטיקעל. דאָסזעלבע קען אויך געזאָגט ווערען אין באַצוג צו דעם אַדווערטייזמענט, וואָס לעזט זיך ווי אַן אַרטיקעל פון עפּעס אַ דר. בן־אברהם. אַן אַנשטענדיגער פאַרלאַג דאַרף אויסמיידען אַזעלכע מעטאָדען.

און צום לעצט ווילט זיך פרעגען: צו וואָס האָט מען געדאַרפט פאַרנעמען גאַנצע 10 זייטען מיט די נעמען פון די ערשטע סובסקריובערס? דאַרפען זיי אויך פאַראייביגט ווערען? וואָס האָט דער לעזער אַ שטייגער פון דעם און צו וואָס זאָלען זיי זיך שטענדיג באַמבלען פאַר זיינע אויגען, ווען ער גיט אַ מיש דעם אין אַלגעמיינעם גאַנץ נוצליכען יאָר־בוך?

---

ז. אַלעקסאַנדער:

## גוטסקייט

(וועגען די צוויי בענדער פון י. ש. פּרענאָוויץ, אַרויסגעגעבען פון דעם פּרענאָוויץ יובילעאום קאָמיטעט אין פילאַדעלפיע.)

די צוויי בענדער שריפטען, וואָס דער פילאַדעלפיער יובילעאום־קאָמיטעט האָט צוגעטראָגען צו י. ש. פּרענאָוויץ'ן לכבוד זיין פופציגיאָריגען יובילעאום איז זיכער אַ פּאַרדינטע מתנה פאַר'ן יובילאַר. וואָרים קיינער איז אַזוי ניט באַליבט אין אַלע קרייזען פון דער פילאַדעלפיער אַרבעטער און גלאַט ראַדיקאַלער וועלט, ווי י. ש. פּרענאָוויץ. אַט דער תוכבער ברויט־פּליוציקער איד מיט די אויגען פון אַ קליין, נאַאיווו קינד האָט אין זיך דעם כח צו געווינען דעם צוטרויען פון יעדען מענטשען, וואָס קומט מיט אים אין נאָענטע באַציאונגען.

איז ניט קיין חידוש: אַ מענטש גייט איבער'ן פעלד און הערט אַפילו אַ גרעזעלע רעדען צו אים:

אָה מענטשען־קינד פאַמעליך,
אַט דאָ, אַט דאָ ניט געה!
דו קאָנסט אונז נאָך צוטרעטען —
עס טוט אונז אַזוי וועה.

י. ש. פּרענאָוויץ איז דורך און דורך גוטסקייט. אַזוי קאָנען אים אַלע מענטשען אין פּאַלאַדעלפיע און אַזוי איז אויך זיין שרייבען. פול מיט צער און רחמנות צו יעדען לעבעדיקען באַשעפעניש, וואָס לוידט זוכט ער אַ טרייסט צו געפינען. און עס מאַכט ניט אויס, וואָס פאַר אַ סאָרט ליידען — סאָציאַלע אָדער אַנדערע — אַלץ רירט אָן זיין גוט האַרץ און ער איז גרייט די שמערצען צו לינדערען.

אַ מיידעל מיט פאַרוועלקטע באַקען און בלאַסע ליפּען רופט ביי אים אַרויס אַזעלכע טרייסטענדיקע שורות, ווי:

קום צו מיר, און דו וועסט פריילאַך,
דו וועסט אייביק גליקליך זיין;
נייע הימלען וועל איך בויען —
דו וועסט דאָרט מיין געטין זיין.
נעקטאַר פון דעם הימעלס־בעכער
וועסטו טרינקען פריי און פריי
אייביק וועט דיין שיינע יוגענד
בליהען, ווי דער שענסטער מאַי.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער סוף פון'ם ליד ענדיקט זיך דערמיט, אַז דאָס צו געבען איז בלויז אַ טרוים אַפילו פאַר אים אַליין, וואָרים זיין האַרץ איז שוין לאַנג אויסגעברענט און מער איז ניט געבליבען, ווי אַ באַרג מיט אַש. אָבער דער ווילען איז דאָך יאָ ביי אים פאַראַנען, און דאָס איז גוטסקייט. י. ש. פּרענאָוויץ'ס גוטסקייט.

א. ב. גרין:

# אַ בוך וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין 1919

פּראָפעסאָר איליאַ חפין. פּאָגראָם־געשיכטע: די אוקראַינישע שחיטה אין 1919. אַרויסגעגעבן פון עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַרבעטער־רינג, אַרבעטער־רינג ביבליאָטעק.

די גאַנצע געשיכטע פון דער מאַסען־אויסשלאַכטונג פון די אוקראַינער אידען אין פאַרלויף פון די פאַר יאָר עקזיסטענץ פון דער „אומאָפּהענגיגער אוקראַינע", אַט די געשיכטע דאַרף נאָך געשריבען ווערען. דאָס איז אַלץ ערשט נעכטען פאָרגעקומען, און עס איז פּשוט ניט געווען די פיזישע מעגליכקייט אַנצוהייבען און דורכצופירען אַזאַ אַרבעט.

עס קומט אונז אויס נאָר צו באַוואונדערען די ענערגיע פון אַלערליי אידישע זשורנאַליסטען און עסקנים און זאַמלען און ווי עס איז פאַרלויפיג צונויפשטעלען און ביבער די מאַטעריאַלען פאַר אַזאַ געשיכטע. דאָס האָבען זיי געטאָן געוויסענהאַפטיג און גרינטליך.

באַריכטען, פּראָטאָקאָלען און אַנדערע נאָך אַן אויספאָרשונג פעסטגעשטעלטע ידיעות — דאָס זיינען געווען די ערשטע מאַטעריאַלען פאַר דער געשיכטע פון דער גרויסער אוקראַינער מאַסען־שחיטה פון אידען. אַ סך אַזעלכע מאַטעריאַלען זיינען געזאַמעלט געוואָרען אין אַ מאָמענט, „ווען דאָס בלוט פון די הרוגים איז נאָך ניט פאַרטריקענט געוואָרען", ווען „אין די גאַסען פון די אידישע שטעטלאַך און דערפער האָבען זיך נאָך געוואַלגערט גאַנצע קערפּערס און איינצעלנע אברים, מיללוויז שוין צעפרעסענע פון הינט און חזירים". און מיט אַ מערקווירדיגער רואיגקייט דערציילען אַ סך עדות אין די פּראָטאָקאָלען אַלץ וואָס ס'איז געשען אין זייער וואוין־אָרט מיט זיי און מיט זייערע שכנים און מיט אַנדערע אידען. זיי געדענקען אַלע איינצעלהייטען. זיי דערציילען וועגען דעם איינפאַך, ווי וועגען פאַסירונגען, צו וועלכע מען איז גלייכגילטיג.

פינף־יאָריגע קינדער—יתומים דערציילען מיט אַזאַ ביבלישער רואיגקייט, וואָס עס איז געשען אויף זייערע אויגען מיט זייערע עלטערן. זיי פאַרען אַליין אַרום אויף באַנען פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, וואַלגערן זיך אויף וועגען און אין גאַסען און פאַרנעמען אַלץ. קיין זאַך איז ניט פאַרבאָרגען פון זיי. יעדערער פון זיי טראָגט אויף זיין אויסגעמאַטערטען קינדערשען קערפּערל דעם קאָפּ פון אַ זיבעציג־יאָריגען זקן. זיי האָבען גענוג „לעבענס־דערפאַרונג" אין די פאַר יאָר פון זייער לעבען.

די געשיכטע פון דעם אונטערגאַנג פון דעם אוקראַינישען אידענטום וועט נאָך געשריבען ווערען. מאַטעריאַלען פאַר איר, — פאַרלעסליכע און זאָרגפעלטיג צונויפגעקליבענע מאַטעריאַלען, — זיינען שוין פאַראַן גענוג.

דאָס איצטיגע בוך פון פּראָפעסאָר איליאַ חפין איז אין אַ סך פּרטים מער ווי אַן איינפאַכע זאַמלונג פון מאַטעריאַלען. דער אויטאָר האָט זיך געשטעלט אַ סך אַ ברייטערן אויפגאַב און האָט אים געוויסענהאַפטיג אויסגעפירט. צוערשט גיט ער אַן אַלגעמיינעם איבערבליק פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער לאַגע אין דעם לאַנד פון די גרעסטע אידען־שחיטות אין דער נייער צייט.

די אוקראַינישע אינטעליגענץ, אפשר ניט דער בעסטער טייל אירער, האָט געוואָלט האָבען אַן אייגענע אוקראַינישע מלוכה. זי האָט פּראָקלאַמירט אוקראַינעס אומאָפּהענגיגקייט גלייך נאָך דעם, ווי דייטשלאַנד איז געשלאָגען געוואָרען, און די דייטשען און זייער משרת סקאָראָפּאַדסקי האָבען פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

עס איז געגרינדעט געוואָרען די אוקראַינישע פאָלקס־רעפּובליק, און זי האָט דאָס געגעבען דעם ערשטען אויסערליכען אַנשטויס צו דער מאַסען־שחיטה פון אידען.

אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון בוך גיט דר. חפין אַ גרינדליכען אַנאַליז פון די סאָציאַל־פּאָליטישע אורזאַכען פון דער אידישער שחיטה אין אוקראַינע אין 1919, נאָך אַ קורצען רעזומע פון דער גאַנצער פריערדיגער געשיכטע פון די אידען אין אוקראַינע.

אין דעם בוך ווייזט אונז דער אויטאָר, ווי די מאַסען־אויסשלאַכטונג איז בּיסלעכווייז צוגעגרייט געוואָרען פון אַ גאַנצער ריי פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדען, מערסטענס רעזולטאַטען פון דער מלחמה. די דייטשע הערשאַפט אין לאַנד און די שטענדיגע רעקוויזיציעס, וואָס די פרעמדע הערשער האָבען געמאַכט אין אוקראַינישען דאָרף; די אומגעהייערע ספּעקולאַציעס מיט סחורות און מיט געלט, און די גרעסערע באַרייכערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אַנטקעגען דער קריסטליך־דאָרפישער, וואָס האָט געמוזט דערוועקען ביי די פּויערים געפילען פון קנאה און האַס צו די אידען; דאָס אָנקומען פון דער ראַטען־מאַכט און אירע אייביגע רעקוויזיציעס אין רייכען דאָרף, וואָס האָט פון איר באַקומען נאָר ווערטלאָזע פּאַפּירלאַך און וואָס האָט זיך בכלל פיינדליך באַצויגען צו קאָמוניזם און צו די „פרעמדע מאָסקאַלען"; ענדליך, די ערשיינונג אויף דער סצענע פון אידישע באַאַמטע און מושלים, — אַ זאַך, וואָס איז ביז דאַן ניט געזען געוואָרען אין אוקראַינע, — דאָס אַלץ האָט געשאַרפט דעם הלף, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אַנטקעגען דעם האַלז פון אוקראַינער אידענטום.

און ווען די אַרמייען פון דער פאָלקס־רעפּובליק האָבען גענומען ליידען בסדר מפּלות מצד די באָלשעוויקעס, האָט די ערבי־טערונג פון די אוקראַינער „נאַציאָנאַליסטען" און די אוקראַינער פּויערים געזען נאָר איין „נאַטירליכען" אויסוועג פאַר זייער צאָרן— אויסשלאַכטען אַלע אידען.

און דאָס איז געוואָרען דער איינציגער און שטענדיגער לאָזונג פון אַלע שפּעטערדיגע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע מלחמות, סיי אוקראַינער און סיי „אַלרוסיש"־רעאַקציאָנערע; און דאָס איז אויך געוואָרען דער שטענדיגער לאָזונג פון אַלע פּויערים־אויפשטאַנדען, פון אַלע באַנדעס און „באַטקעס".

די „אַלרוסען", די דעניקינצעס און אַנדערע רוסישע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען באַקעמפט די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטען און זייער רעגירונג, האָבען אין זייער מיליטער פאַרשפּרייט דעם לאָזונג: „שלאָגט די זשידעס און ראַטעוועט רוסלאַנד!"

די „פּעטליוראָווצעס", די „באַטקעס", די פירער פון די פאַרשיידענע פּויערים־באַנדעס האָבען, באַקעמפענדיג די רוסען, פּאָליאַקען, א. אַז. וו., פאַרשפּרייט אין די מאַסען זייער לאָזונג: „שלאָגט די זשידעס און ראַטעוועט אוקראַינע!"

עס זיינען אַנטשטאַנען אַלערליי אויסערליכע און אינערליכע פראָנטען, און יעדער צד האָט קודם כל געוואוסט איין זאַך: פאַרטיליגען די אידען.

די פראָנטען און די מאַכט האָבען זיך בסדר געביטען. די אוקראַינער רעגירונג האָט געוואַנדערט פון שטעטעל צו שטעטעל. וואָס גרעסער די מפּלות זיינען געוואָרען, אַלץ בלוטיגער זיינען געווען די פּאָגראָמען.

דיזעלביגע ערשיינונג האָט באַגלייט דעניקינס צוג און צוריקטריט אין דרום־רוסלאַנד. פאַר דעניקינען איז פאָרגעקומען דער ערשטער פּאָגראָם אין קיעוו, וואו די אוקראַינער „פאָלקס"־רעגירונג האָט זיך געשעמט צו מאַכען אַ פּאָגראָם. ביים צוריקטרעטען האָט דעניקינס „פריוויליגע" אַרמיי אַרויסגעוויזען נאָך מער אכזריות צו די אידען. אומבאַשרייבליכע גרויליטאַטען זיינען באַגאַנגען געוואָרען. דער ציל איז ווידער געווען — פאַרניכטען דאָס אידענטום.

אַלע שטרייטענדע צדדים אין אוקראַינע, חוץ דער סאָוועטען־מאַכט, האָבען אויסער דער מלחמה מיט די באָלשעוויקעס געהאַט איין אויפגאַבע: פּאָגראָמירען, פאַרניכטען און פאַרפּייניגען די אידען. דאָס איז ביי זיי אַלעמען דער איינציגער אויסגעפּרוּווטער, דער בעסטער קאַמפּף־מיטעל אַנטקעגען דער ראַטען־מאַכט.

עס זיינען אויך געווען געוויסע „רויטע", כלומר'שט—באָלשעוויסטישע באַנדעס, וואָס האָבען געמאַכט פּאָגראָמען אויף אידען אויף דעמזעלביגען שטייגער, ווי די רעאַקציאָנערע אַנטי־באָלשעוויסטישע אַרמיי־אָפּטיילונגען און באַנדעס, און ביי די פּאָגראָמען האָבען זיך אַזעלכע „פּאָליטישע שונאים" געגעבען די הענט.

באַזונדערס האָבען זיך אין דעם אויסגעצייכענט אייניגע אָפּטיילונגען קאָזאַקען פון גענעראַל בודעני. וועגען די פאַררעטערישע פירער גריגאָריעוו און מאַכנאָ איז שוין אָפּגערעדט. זיי האָבען זיך די גאַנצע צייט פּשוט געבאָדען אין אידישען בלוט.

דאָס בוך איז פול מיט פאַקטען און איינצעלהייטען, וואָס זיינען געזאַמעלט געוואָרען אויף די ערטער מיט מסירות נפש. יעדערער, וואָס וויל באַקומען אַ באַגריף וועגען דעם וואָס עס איז אייגענטליך פאָרגעקומען אין דעם לאַנד פון כאַאָס און קאָשמאַרען, די סיבות און אַלע אומשטאַנדען פון יענע בלוטיגע געשעענישען, קאָן ניט אויסקומען אָן דעם בוך פון פּראָפעסאָר איליאַ חפין, וואָס האָט ניט נאָר צונויפגעזאַמעלט אַ מאַסע פאַקטען און זיי איבערגעגעבען אין אַ געוויסער אָרדענונג, נאָר האָט אויך אָנגעוויזען אויף זייער אינערליכען צוזאַמענהאַנג און געגעבען זיי די געהעריגע באַלייכטונג.

# אָפיציעלע צירקולאַרען

פאָלגענדע אָפיציעלע צירקולאַרען זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע בראַנטשעס פון אַ. ר. אין דער לעצטער צייט:

1) פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע: וועגען דעם קאַמפּיין פאַר'ן „האַיאַס" און וועגען די יערליכע אָפּצאָלונגען פאַר'ן „האַיאַס".

2) וועגען דער נאָמינירונג פון קאַנדידאַטען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע און וועגען דער נאָמינירונג קאָנפ. דעם 12־טען פעברואַר.

3) וועגען דער חעכערונג צום קראַנקען־בענעפיט פאָנד.

4) וועגען די אַ. ר. קאַמפּיינס פאַר'ן רוסישען רעליף און פאַר דער האַיאַס.

5) צו אַלע דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס פון אַ. ר. וועגען אַן ענערגישער אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט.

6) פון עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט: וועגען דעם לעקטשור־טור מיט מ. חאַלטמאַן.

7) צו אַלע אַ. ר. שולען וועגען די פּאַרטיי־סימפּטאָמים אַרום די שולען.

8) צו אַלע אַ. ר. שולען וועגען שול־צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע דעם 14־טען אַפּריל.

# ערשטער צוזאַמענפאָר פון די נאצ. באָרד אָף דירעקטאָרען

די ערשטע זיצונג פון דער נאצ. באָרד אוו דירעקטאָרען ווערט ערעפענט דעם 29־טען דעצעמבער, 10 אַ זייגער פרי.

פר. ל. אַרקין, דער סעקרעטאַר פון דער אַרויסגייענדער נ. ב. א. ד., ערעפענט די ערשטע זיצונג, און ער שטעלט פאָר פר. באַסקין, דעם גענעראַל־סעק. פון אַ. ר.

פר. באַסקין דערקלערט אין קורצען די אויפגאַבען פון דער נ. ב. א. ד. און פאָדערט אויף אויסצוקלייבען באַאַמטע.

פר. יאַנאַס, פון מאסס., ווערט ערווילט טשערמאַן פון דער ערשטער זיצונג, און פר. מ. איוועַנסקי, ניו־יאָרק, ווערט ערווילט אַלס פערמאַנענטער סעקרעטאַר.

פר. ס. יאָנאַס האַלט אַ קורצע רעדע, אין וועלכער ער דריקט אויס אַז די באָרד אוו דירעקטאָרען קען ווערען אַ זייער וויכטיגע אינסטיטוציע. „אויב מען האָט זיך ווייניג גערעכענט מיט אונזערע מיינונגען און באַשלוסען, איז דאָס די שולד פון די מיטגלידער אַליין". „די פערזאָנען, וועלכע שטעלען צוזאַמען די יעצטיגע נ. ב. א. ד., איז די בעסטע גאַראַנטיע דאָס די נ. ב. א. ד. וועט לאָזען הערען איר שטימע אין די אָנגעווייטיגטע פראַגען פון מאָמענט. די הויפט־אויפגאַבען פון דעם יעצטיגען מאָמענט זיינען אַ. ר. פראַגען. אַז מיר זיינען אַבסאָלוט נייטראַל אין אַלע טאַקטישע פראַגען, וועלכע צעשפּליטערן יעצט די אַרבעטער־באַוועגונג אין אַנדערע צווייגען."

די פּראָטאָקאָלען פון לעצטען צוזאַמענפאָר פון דער נ. ב. א. ד. ווערען פאָרגעלעזען פון פר. אַרקין, געוועזענער סעק. פון דער נ. ב. א. ד. פר. אַרקין מאַכט דערביי אַ באַמערקונג, אַז ניט אַלע פּראָטאָקאָלען זיינען אַריין אין „פריינד" ווי ער האָט זיי געשריבען. ער זאָגט, אַז דער רעדאַקטער האָט געברויכט דעם „בלויען פּענסיל". די דאָזיגע באַמערקונג רופט אַרויס אַ דעבאַטע פון פאַרשידענע דירעקטאָרען, און פאָלגענדער באַשלוס ווערט געפאַסט: „עס זאָל איבערגעגעבען ווערען דעם רעדאַקטער פון „פריינד", אַז דער וואונש פון דער נ. ב. ד. איז דאָס דער רעדאַקטער האָט קיין רעכט ניט צו ענדערן דעם אָפיציעלען טעקסט, ווי ער ווערט אַריינגעגעבען פון דעם סעק. פון דער נ. ב. ד., ווען עס האַנדעלט זיך וועגען פּאָליסיס. אין געזעצליכע פראַגען קען ער אָבער, דער רעדאַקטער זיך דורכרעדען מיט'ן סעק. פון דער נ. ב. ד. און ענדערן זאַכען, וועלכע קענען שעדיגען דעם אַ. ר.

פאָלגענדע מיטגלידער פון דער נ. ב. ד. זיינען געוועזען אַנוועזענד: מ. איוועַנסקי, ניו־יאָרק; א. בעלמאַן, מינעסאָטאַ; ל. בענענסאָן, איל.; י. בערענשטיין, מישיגען; ב. גראַדינסקי, מעין; וו. זאַק, קאָנעקטיקוט; ס. יאָנאַס, מאס.; מ. ליקמאַן, מערילענד; דזש. מאַרגאָליס, קוויבעק; מ. ל. מילער, ווירדזשיניא; מ. מינדלין, נ. דזש.; ה. ל. סיימאָנס, קאַליפאָרניא; ס. סטראַוס, אָנטאַריאָ; ס. עטינגער, פענסילווייניא; דזש. פאַוולאָוו, ראָוד אײלענד; ד. פייבעסאָוויטש, אָהייאָ; מש. רובין, וויסקאָנסין.

## טאָג־אָרדענונג

ערשטע זיצונג: דאָנערשטאָג, דעם 29־טען דעצעמבער, 1921, פאַרמיטאָג. א) ערוויילונג פון אַ טעמפּאָרערי טשערמאַן; ב) ערוויילונג פון אַ טעמפּאָרערי סעק.; ג) ראָל־קאָל; ד) סעקרעטאַרס רעפּאָרט; ה) לעזען פּראָטאָקאָל פון דער לעצטער זיצונג; ו) לעזען צושריפטען. צווייטע זיצונג: דאָנערשטאָג נאָכמיטאָג. ז) באַריכט פון נאַצ. טשערמאַן; ח) באַריכט פון טשערמאַן גריוועַנס קאָמיטע; ט) אויסהערען אַפּילס; י) אָננעמען באַשלוסען וועגען אַפּילס. דריטע זיצונג: פרייטאָג דעם 30־טען דעצעמבער, פאַרמיטאָג. יא) באַריכט פון נאַצ. סעקרעטאַר; יב) באַריכט פון רעדאַקטער פון „פריינד"; יג) באַריכט פון סאַניטאַריום קאָמיטע. פערטע זיצונג: פרייטאָג נאָכמיטאָג. יד) באַריכט פון עדיוקיישאָנאַל קאָמ.; טו) באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע; טז) באַריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע; יח) באַריכט פון דער אָפיס קאָמ. פינפטע זיצונג: שבת דעם 31־טען דעצעמבער, פאַרמיטאָג. יט) באַריכט פון די סטייטס; כ) רעקאָמענדאַציעס צו דער קומענדער קאָנוועַנשאָן; כא) ערוויילונג פון אַ דעלעגאַט צו דער קאָנוועַנשאָן; כב) ערוויילונג פון אַ גריוועַנס קאָמ.; כג) ערוויילונג פון אַ קאָמיטע צו באַזוכען דעם סאַניטאַריום, דעם 12־טען פעב.; כד) וואָל און בעסטען; כח) שלוס.

פר. ל. אַרקין, געוועזענער סעק. פון דער נ. ב. ד. באַריכטעט, אַז ער איז באַאויפטראַגט געוואָרען פון דער אַרויסגייענדער נ. ב. ד. מיט 4 אויפגאַבען: די ערשטע אויפגאַבע איז צו ווינשען די ניי־ערווייל־טע נ. ב. ד. ערפאָלג אין איר אַרבעט. די צווייטע אויפגאַבע איז איבערצוגעבען אַלע ביכער, אָפיציעלע דאָקומענטען און דעם זיגעל פון דער נ. ב. ד. די דריטע אויפגאַבע איז צו באַריכטען דאָס ער האָט ערלעדיגט אַלע געשעפטען פון דער פריערדיגער נ. ב. ד. ער דענקט אָבער, אַז זיינע אויפגאַבען וועלען ניט זיין דערפילט, ווען ער וועט ניט קומען צום וויכטיגען פונקט פון זיין שליחות און איבערגעבען די רעקאָמענדאַציעס, וועלכע ס'זיינען אָנגענומען געוואָרען פון דער אַרויסגייענדער נ. ב. ד. פר. אַרקין דענקט, דאָס זיי זיינען זייער וויכטיג פאַר דער געוויסענהאַפטער דערפילונג פון פונקציע פון אַ [illegible] קערפּערשאַפט [illegible] אויב מען נעמט די נ. ב. ד. ערנסט. עס איז ניט כדאי זיך אָפּצושטעלען אויף דער אומרעכט וואָס ס'איז געטאָן געוואָרען געגען דער אינסטיטוציע, וועלכע באַשטייט פון פאָרשטייער פון גאַנצען לאַנד. פר. אַרקין דערמאָנט דעם פאַל מיט'ן אידישען קאָנגרעס, אויך פון 10־יעריגען יובילעאום פון „פריינד", ווען מען האָט אַפילו ניט געפונען פאַר נויטיג איינצולאַדען פאָרשטייער פון דער נ. ב. ד. דאָס זעלבע האָט מען זיי איגנאָרירט מיט דעם טשאַרטער פון מאַסאַטשוזעטס. אָבער דאָס, זאָגט ער, זיינען אַלץ פאַלען פון דער פאַרגאַנגענהייט; אין דער צוקונפט, האָפט פר. אַרקין, וועלען די דירעקטאָרען לאָזען הערען זייער שטימע זייער שטאַרק, און מען וועט זיך צו זיי מוזען צוהערען.

די רעקאָמענדאַציעס זיינען ווי פאָלגט:

1) די ערשטע זאַך וואָס עס מוז געפאָדערט ווערען פון דער קאָנוועַנשאָן איז: אַז מען זאָל באַוויליגען געלט פאַר די דירעקטאָרען צו באַריכטען ניט נאָר אין די שטעט פון וועלכע זיי זיינען ערווילט, נאָר אויך איבער זייערע רעספּעקטיווע סטייטס.

2) די מיטינגען פון דער נ. ב. ד. זאָלען שטאַטפינדען אין פעברואַר און סעפּטעמבער, כדי צו געבען אַ מעגליכקייט די מיטגלידער פון דער נ. ב. ד. צו באַקענען זיך מיט דער אַרבייט פון דער נייער עקזעקוטיווע, וועלכע גייט אַריין אין אַמט דעם ערשטען מאַי פון יעדען יאָר. אין יולי האָט נאָך די עקזעקוטיוו ווייניג וואָס געטאָן, און דעריבער קען זי ניט פיל באַריכטען.

3) די עלעקשאַן פון דער נ. ב. ד. דאָס זאָל געענדערט ווערען אין דעם זין דאָס בלויז צוויי דריטעל פון איר זאָלען ערווילט ווערען אין איין יאָר, און דער צווייטער דריטעל דעם נעקסטען יאָר. דאָס וועט פאַרמיידען אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכע די נ. ב. ד. קען באַשטיין פון דורכאויס נייע מענשען, וועלכע זאָלען ניט זיין באַקאַנט מיט פילע טעכנישע פראַגען.

4) העכערען דאָס געהאַלט פון דעם סעק. פון דער נ. ב. ד.

דער באַריכט ווערט אָנגענומען און דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאָסען.

## צווייטע זיצונג

די צווייטע זיצונג, ווערט ערעפענט דאָנערשטאָג נאָכמיטאָג, מיט פריינד ל. בענענסאָן פון אילינאָי אַלס טשערמאַן.

עס ווערט אויפגענומען דער אַפּיל פון אַ מיטגליד פון בר. 147. דער אַפּיל איז געגען דער ענטשיידונג פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמ. אַזוי ווי ניט אַלע פאַקטען קענען פעסטגעשטעלט ווערען, ווערט באַשלאָסען צו קריגען מער איינצעלהייטען וועגען דער גאַנצער אָנגעלעגענהייט, און דאַן האַנדלען.

פר. י. ב. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד", באַריכטעט וועגען „פריינד". ער הייבט אָן זיין באַריכט מיט דער באַמערקונג, דאָס ס'איז דאָ זיך מער צו באַקלאָגען ווי צו באַריבטען. „עס איז זיך דאָ צו באַקלאָגען דאָס די עקספּעדיציע איז נאָך ניט אין גאַנצען פּערפעקט. ס'איז זיך אויך פאַראַן צו באַקלאָגען וואָס דער דעפּוטיט דערלאָזט ניט, דאָס דער „פריינד" זאָל אַרויסגיין רעגעלמעסיג. פאַראַן אַנדערע קלייניגקייטען וועלכע שטערען די אַרבעט פון „פריינד", אָבער טראָץ די אַלע שטערונגען, ערפילט דער „פריינד" אפילו ווי ער איז, אַ וויכטיגע אויפגאַבע אין דעם לעבען פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

דער „פריינד" איז קודם כל אַ פּאָפּולערער זשורנאַל, וועלכער איז צוגענגליך צו יעדען מיטגליד, און טראָץ די הויכע פרייזען אויף פּאַפּיר און דער קאָסט פון דרוקען, קאָסט דער „פריינד" נאָך ווייניגער ווי 3 סענט אַ נומער. פר. ביילין שטעלט זיך אָפּ וועגען דער רעדאַקציע פון „פריינד", און באַמערקט דאָס עס איז ניט אַ שוין אָן אַ רודער, נאָר יעדער פּיטשור פון „פריינד" האָט אַ געוויסע באַדייטונג. די פאַרשידענע סעריעס אַרטיקלען זיינען זייער באַלערענד, און דאַרפען זיין אינטערעסאַנט פאַר די לעזער פון „פריינד". דער „פריינד" שטרעבט צו זיין אַבסאָלוט נייטראַל אין די יעצטיגע שטרייטיגונגען וועלכע קומען פאָר אין די רייען פון דער אַרבעטער באַוועגונג.. עדיטאָריעל באַרירט דער „פריינד" בלויז פראַגען, וועלכע זיינען שייך דעם א. ר., אין די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציאָן.

פר. ביילין באַריכטעט ווייטער דאָס עס זיינען געמאַכט געוואָרען געוויסע ענדערונגען אין דער עקספּעדיציע, און ער האָפט, דאָס עס וועלען ניט פאָרקומען מער קיין קלאַגען פון די פילע מיטגלידער דאָס זיי באַקומען ניט רעגעלמעסיג דעם „פריינד". ווען דער דעפּוטיט פון די 6000$ פון וועלכען דער „פריינד" לוידעט יעצט וועט אָפּגעשאַפט ווערען, וועט דער „פריינד" ווידער אָנפאַנגען צו ערשיינען יעדען מאָנאַט, ווי עס איז געוואָלט באַשטימט.

עס ווערען אויפגענומען פראַגען פון די דירעקטאָרען.

פר. פּאַוולאָוו, ראָוד אײלענד, פרעגט וואָרום די באַריכטען פון בראַנטשעס ווערען איגנאָרירט.

פר. מאַרגאָליס, מאָנטריאָל, פרעגט וואָרום די באַריכטען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע זיינען אַזוי לאַנגווייליג.

פר. יאָנאַס, מאַסס., באַנוגענט זיך ניט מיט פראַגען, נאָר ער גייט איבער צו אַלגעמיינע קריטיק פון „פריינד". ער דענקט, אַז דער „פריינד" איז איבערהויפּט אַן איבעריגע זאַך. עס ווערט געשפּענט געלט פאַר גאָר ניט. פר. יאָנאס שטעלט זיך אָפּ וועגען דער אַרט און ווייזע ווי די אַרטיקלען און די באַריכטען ווערען געדרוקט, און

ער דענקט, דאָס זיי זיינען אַזוי ניט אינטערעסאַנט און לאַנגוויליג, דאָס אַ גאַנץ אומבאַדייטענדער פּראָצענט פון די מיטגלידער נעמען זיך די מי צו עפענען דעם „פריינד“ און אַ קוק טאָן וואָס דאָרט קומט פאָר. פר. יאַנאָס דענקט, אַז אַ מאָנאַטליכער בולעטין וואָלט געווען גענוג פאַר די צוועקען, פאַר וועלכע דער „פריינד“ איז באַשטימט געוואָרען.

פר. בעלמאַן, מינעסאָטאַ, באַקלאָגט זיך וואָס דער „פריינד“ ווערט דאָרט אפילו אין די אויגען ניט געזען.

פר. מינדלין, ניו־דזשוירזי, דענקט, אַז דער „פריינד“ האָט זיך געדאַרפט מער אָפּגעבען מיט א. ר. פראַגען.

פר. סיימאָנס, קאַליפאָרניאַ, באַקלאָגט זיך, אַז דער „פריינד“ שענקט זייער ווייניג אויפמערקזאַמקייט צו דער טעטיגקייט פון די קאַליפאָרניער בראַנטשעס.

פר. בוילין לייגט אָפּ זיינע ענטפערס אויף אַלע פראַגען און קריטיק אויף אַ שפּעטערדיגע זיצונג.

עס טרעט אויף אַ קאָמיטע פון בראַנטש 147, וועלכע איז געשיקט געוואָרען פון באַטרעפענדען בראַנטש צו אַפּעלירען געגען דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. פון די איינצעלהייטען וועגען דער קייס, שטעלט זיך אַרויס דאָס אַ געוויסער מיטגליד פון א. ר., וועלכער איז אויך געלאָפען פאַר דעם אַמט פון דער עקזעקוטיוו קאָמ. און אַלס אַ דעלעגאַט צום קאָנווענשאָן פון לעצטען יאָר, האָט אַרונטערגענומען זיין קאַנדידאַטור, ווייל אַן אבדזשעקשאָן איז אומאָרענטליכקייט, וואָס ער איז באַגאַנגען אין אַן אַנדער אָרגאַניזאַציאָן, איז געגען אים געמאַכט געוואָרען. די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע האָט דאַריבער געפונען פאַר נויטיג דאָס צו לאָזען וויסען דעם בראַנטש, און אויפפאָדערען דאָס דער בראַנטש זאָל אים ענטלאַסען פון אַמט אַלס סעק. געגען דיזע ענטשיידונג טרעט די קאָמיטע פון בר. אויף. דער אַנגעקלאָגטער, וועלכער איז אויך אַנוועזענד, דענקט דאָס די גאַנצע באַשולדיגונג איז געמאַכט געוואָרען געגען אים פון זיינע פּאָליטישע שונאים אום צו רואינירען אים. קיין קערפּערשאַפט האָט אים ניט געפונען שולדיג, עס זיינען בלויז געווען פאַרדאַכטען געגען וועלכע ער האָט גאָר ניט געוואָלט ענטפערען. ער האָט אַרונטערגענומען זיין קאַנדידאַטור נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיין נאָמען זאָל באַשמוצט ווערען.

פר. באַסקין באַשטעטיגט דעם סטייטמענט פון דער בראַנטש קאָמ. דאָס אַלע ביכער פון בר. זיינען גוט געפירט געוואָרען, און קיינע אומרעגעלמעסיגקייטען זיינען ניט באַמערקט געוואָרען.

פר. העסקעל ערקלערט דעם שטאַנדפּונקט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. ער דענקט, דאָס אויב אַן אַנערקענטע אָרגאַניזאַציע האָט געפונען דעם באַטרעפענדען פאַר שולדיג, קען אַזאַ פּערזאָן ניט פאַרנעמען אַ פאַראַנטוואָרטליכען אַמט אין אַ בראַנטש. עס ווערען געשטעלט פאַרשידענע פראַגען צו דעם אַפּעלאַנט, און אויך צו דעם פאַרשטייער פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. אַזוי ווי אַלע באַווייזע ווערען געשטיצט אויף אַן ענטשיידונג וואָס דער „בונד“ האָט אַרויסגעגעבען, ווערט באַשלאָסען אַנצופרעגען די פאָרשטייער פון „בונד“, אום עס זאָל זיין מער קלאָר וועגען דער גאַנצער פראַגע.

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער סאַנאַטאָריום קאָמ., גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע. ער באַגריסט די נאַצ. ב. ד. אין נאָמען פון דער קאָמיטע, וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס די נשמה פון דעם א. ר. זיין באַריכט באַשטייט וועגען פאָלגענדע פאַקטען:

וועגען פאַרוואַלטונג. „אין יעצטיגען מאָמענט געפינען זיך אין סאַנאַטאָריום ביי 62 פּאַציענטען, 48 מענער און 14 פרויען, מיט 8 פּאַציענטען מער ווי פאַראַיאָרען אין דער צייט. ס'איז אונז דאָך אָבער געלונגען צו שאַפען עקאָנאָמיע אין דער פאַרוואַלטונג אין דער סומע פון אַרום 10 טויזענד דאָלאַר. לעצטען יאָר אין דער זעלבער צייט, אין די אויסגאַבען אויף אויפהאַלטען דעם סאַנאַטאָריום געווען $61,145.29. אין יאָר 1921 באַטרעפט די סומע $51,198.53 אויף אויפהאַלטונג. דיזע עקאָנאָמיע איז דער בעסטער באַווייז, ווי ערנסט די איצטיגע קאָמיטע באַציט זיך צו דער אַרבעט“.

דער דאָקטאָר איז ביז יעצט אויך געווען אַלס פאַרוואַלטער. די קאָמיטע האָט זיך אָבער אַרומגעזען, דאָס די ביידע עמטער קען איין פּערזאָן ניט ערפילען צופרידענשטעלענד, און זיי האָבען דאַריבער באַשלאָסען צו האָבען אַ באַזונדערען מענעדזשער. צוערשט האָבען זיי געהאַט אַנגעשטעלט אַלס מענעדזשער אַ פּערזאָן, וועלכע איז גענומען געוואָרען פון אַן אַנדער סאַנאַטאָריום, אָבער זיי האָבען זיך אַרומגעזען, דאָס איינער, וועלכער קען זיין גוט פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישער אינסטיטוציע, טויג נישט פאַר אַזאַ אינסטיטוציע ווי אונזערע. יעצט האָבען זיי אַנגעשטעלט פר. אַדלער, וועלכער איז אַ מיטגליד פון א. ר. ער איז נאָך ניט לאַנג אַנגעשטעלט, אָבער זיין ביז איצטיגע אַרבעט שיינט צו זיין זייער צופרידענשטעלענד, און אויב ער וועט אַזוי ווייטער אַרבייטען, וועט ער מאַכען אַ גוטען ערפאָלג.

פר. אַשפּיז שטעלט זיך אָפּ אויף אַלע ענדערונגען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער ווירטשאַפטליכער מענעדזשמענט פון סאַנאַטאָריום, און ער באַווייזט ווי נויטיג דאָס איז געווען.

פר. אַשפּיז באַריכטעט אויך, אַז דער אַסיסטענט דאָקטאָר האָט רעזיגנירט פון זיין שטעלע, און זיי זוכען יעצט אַן אַנדערען אויף זיין פּלאַץ. ער ערקלערט ווייטער, אַז זיי האָבען זיך איבערהויפּט ניט געטראַכט צו מאַכען ענדערונגען צווישען דעם סטעף פון סאַנאַטאָריום, און אַלע זייערע ענדערונגען, גלויבט ער, זיינען געווען פאַר דעם בענעפיט פון דער אינסטיטוציאָן. ער באַריכטעט וועגען די פאַרוויילונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין סאַנאַטאָריום פאַר דעם האַלב יאָר, און ער שטעלט זיך אָביסעל לענגער אָפּ וועגען דער אַנגעוויזיגטער פראַגע פון „לייק“, וועלכער איז אַ האַרטער ביסען פאַר יעדער סאַנאַטאָריום קאָמיטע. פר. אַשפּיז ערקלערט, אַז די עקס פּאַציענטען האָבען געוויסע פּלענער ווי אַזוי צו פאַרבעסערען זייער צוקונפטיגע לאַגע. ער וויל זיך וועגען די פּלענער ניט אָפּשטעלען. די איינציגע זאַך וואָס די סאַנאַטאָריום קאָמיטע האָט פאַר זיי געקענט טאָן, איז צו געבען זיי די אַדרעסען פון אַלע בר. סעקרעטערע, און זאָלען די בראַנטשעס אַליין באַשליסען, אויב אַזעלכע פּלענער זיינען פּראַקטיש.

עס ווערען אויפגענומען פראַגען וועגען דעם באַריכט.

פר. סיימאָנס, קאַליפאָרניאַ, פרעגט צו עס איז סאָציאַליסטיש צו שניידען שכירות פון די אַנגעשטעלטע.

פר. שטראוס, אנטאריאָ, פרעגט וואָרום זיי האַלטען אַזאַ גרויסען סורפּלוס אין בילדינגס פאַנד, און זיי באַנוצען דאָס ניט פאַר אַ רעקריאיישאָן בילדינג.

פר. איוועגסקי פרעגט וואָרום עס ווערט ווייניג וואָס געטאָן אום צו אָרגאַנאַזירען דאָס די פּראָדוקטען, וואָס דער סאַנאַטאָריום דאַרף פאַרברויכען, זאָלען געקויפט ווערען דירעקט אין ניו־יאָרק.. עס וואָלטען אויף אַזאַ אופן אויסגעמידען ווערען קלאַנגען, וועלכע גייען אַרום אין ליבערטי, דאָס דער א. ר. צאָלט זייער פיל איבער אויף זיינע פּראָדוקטען, וועלכע ער קויפט.

פר. יאַנאָס, מאַסס., פרעגט וועגען אַ מיטגליד פון בר. 709, וועלכער האָט פריער באַלאַנגט צום לייבאָר ליג.

פר. מינדלין, ניו־דזשוירזי, דענקט אַז עס ווערען ווייניג וואָס געטאָן פאַר די עקס פּאַציענטען.

מילער, ווירדזשיניאַ, און עטינגער פון פילאַדעלפיאַ, דענקען, דאָס דער „לייק“ האָט אָפּגעקאָסט אַ סך געלט, און איין מאָל פאַר אַלע מאָל דאַרף אַן ענדע געמאַכט ווערען וועגען דיזער פראַגע.

פר. אַשפּיז ענטפערט צופרידענשטעלענד אַלע פראַגען, און ער ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאָסען.

### דריטע זיצונג

די דריטע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג דעם 30־טען דעצעמבער, 10 אַזייגער פרי. פר. בעלמאַן, מינעסאָטאַ, טשערמאַן.

עס ווערען אויפגענומען די רעקאָמענדאַציעס פון דער אַלטער נ. ב. ד. אין דער פראַגע פון ענדערען דעם דיים פון די זיצונגען פון דער נ. ב. ד. ווערט באַשלאָסען, דאָס די דויטס זאָלען געענדערט ווערען אויף פעברואַר און סעפּטעמבער, עס בלייבט ביי דעם סעקרעטער פון דער נ. ב. ד. דאָס רעכט צו באַשטימען וועלכען טאָג אין באַשטימטען מאָנאַט דער צוזאַמענפאָר זאָל פאָרקומען.

וועגען דער פראַגע פון די סומע געלט, וואָס די נ. ב. ד. דאַרף פאָדערען פון דער קאָנווענשאָן פאַר אירע מיטגלידער צו באַריכטען אין די סטייטס, ווערט ענטוויקעלט אַ לייבגערע דעבאַטע. פר. עטינגער איז מיט דער מיינונג, דאָס מען דאַרף גאָר נוט וואַרטען ביז דער קאָנווענשאָן, נאָר מען דאַרף גלייך פאָדערען פון דער עקזעקוטיוו דאָס אַ געוויסע סומע זאָל באַשטימט ווערען. ער דענקט, אַז ס'איז לעכערליך איבערהויפּט אַזעלכע קלייניגקייטען גאָר צו באַטראַכטען. איז די נ. ב. ד. אַן אינסטיטוציאָן, וועלכע האָט אַ געוויסע ווירקונג אין די פירונגען פון א. ר. דאַרף זי אויך האָבען דאָס רעכט איר מיינונג איבערצוגעבען צו די מיטגלידער, וועלכע האָבען דיזע קערפּערשאַפט ערוויילט.

פר.. פייבעסאָוויטש, אָהייאָ, דענקט, אַז עס דאַרף געפאָדערט ווערען ניט ווייניגער ווי $1,000.

פר. בענענסאָן, אילינאָי, רעט פאַר דעם, דאָס אַ באַשטימטע סומע זאָל געפאָדערט ווערען, וועט ניט, קען דער גאַנצער פאַרלאַנג דורכפאַלען. ער דענקט, דאָס אַזאַ זאַך דאַרף געפאָדערט ווערען נאָר פון דער קאָנווענשאָן. די עקזעקוטיוו קען אין דעם גאָר ניט טאָן. אין דעם זעלבען זין רעדען פר. אַרקין, פּענסילווייניאַ, בערנשטיין, מישיגען, פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד.

פר. זאַק, קאָנעקיטוט, דענקט, דאָס אָדער די נאַצ. ב. ד. דאַרף אויפגעלייזט ווערען, און מען דאַרף זיך גאָר ניט נאַריש מאַכען מיט זיצונגען, אָדער אַ סומע פון $1,000 דאַרף געפאָדערט ווערען.

עס גייט דורך דער פאָרשלאַג, דאָס מען זאָל פאָדערען פון דער קומענדער קאָנווענשאָן אַ סומע ניט ווייניגער ווי $300 פאַר יעדען צוזאַמענפאָר, וועלכע זאָל פאַרטיילט ווערען פּראָפּאָרציאָנעל צווישען די דירעקטאָרען פון די סטייטס.

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע וועגען העכערען דאָס געהאַלט פון דעם סעק. פון דער נ. ב. ד., און עס ווערט באַשלאָסען, דאָס ער זאָל קריגען $100 אַנשטאָט ווי ביז יעצט $50 אַ יאָר.

פר. גוסקין, דער טשערמאַן פון א. ר. גיט אָפּ דעם באַריכט פון דערר נאַצ. עקזעקוטיוו.

„די ריכטונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו פון היינטיגען יאָר איז אַבסאָלוט נייטראַל אין אַלע פראַגען, וועלכע עס האָבען צו טאָן מיט דער פּאָליטישער זייט פון דער אַרבעטער באַוועגונג. מיר ווייסען די ווערט פון איניגקייט, און דאַריבער, ווען מיר האָבען געשיקט אונזער פּראָטוירנאַל דעלעגאַט, פר. באַסקין צו דער פעדעראַציע, האָבען מיר אים באַאופטראַגט דאָס ער זאָל זען אויסנוצען זיין איינפלוס געגען אַ שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און פר. באַסקין האָט ערפילט זיין מיסיאָן לויט די דירעקטיוען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. אויב פר. באַסקין פּערזענליך סימפּאַטיזירט מיט

דעם „פאַרבאַנד“, איז דאָס זיין אייגענע זאַך. אַלע ריכטונגען פון דער אַרבעטער באַוועגונג זיינען ביי אונז פאַרטראָטען, ביי אונז פאַרנעמען אויך וויכטיגע שטעלען די גענאָסען געליבטער, און בוילין, און ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז די ביידע דערמאָנטע גענאָסען זיינען געגען די ריכטונג פון דער היינטיגער נאַצ. עקזעקוטיוו, אָבער אַזוי לאַנג ווי זיי דינען זייערע פּרינציפּען פּריוואַט, האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע גאָר ניט געגען זיי, און די זעלבע פריוהייט וויל נאַטירליך, די עקזעקוטיוו לאָזען אויך צו אַנדערע וויכטיגע באַאַמטע. איך פערזענליך סימפּאַטיזיר מיט די ריכטונגען, וועלכע גענאָסע באַסקין פאַרטרעט, און איך דענק, אַז דיזע ריכטונג איז די ריכטיגע, אָבער פּריוואַטע אַנשויאונגען האָבען מיט די הויפּט פּרינציפּען פון א. ר. גאָר ניט וואָס צו טאָן.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט היינטיגען יאָר אַ שווערען יאָר אַרבעט, און אַלעס צוליב די שטרייטיגקייטען, וועלכע זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען אין דער אַרבעטער באַוועגונג“.

פר. גוסקין שטעלט זיך גענויער אָפּ אויף דער אַרבעט פון די פּופּצענער קאָמיטע, וועלכע איז לויט זיין מיינונג, זייער שעדליך פאַר די אינטערעסען פון א. ר. ער באַמערקט: „די אַלע פּראָטעסטאַנטען ווייסען גאַנץ גענוי, דאָס יעדען מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו איז טייער די פּרינציפּען ערקלערונג, אָבער דאָס געשריבענע וואָרט איז נאָך ניט אַלעס, דער גייסט איז וויכטיגער“. פר. גוסקין דערציילט ווי אַזוי די 15־ער קאָמיטע האָט זיך אָנגעפאַנגען. עס זיינען שולדיג אין דעם אייניגע דורכגעפאַלענע קאַנדידאַטען, און גלאַט מענשען, וועלכע קימערען זיך ווייניג וועגען אַרבעטער רינג אינטערעסען. דער רעזולטאַט איז, דאָס דער א. ר. ליידעט יעצט פון אַ שטרייך מגפה. די צאָל פון די א. ר. מיטגלידער ווערט פּראָפּאָרציאָנעל נישט גרעסער, נאָר קלענער. פר. גוסקין שטעלט זיך אָפּ אויף די רעליף אַרבעט, וועלכע די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָם. האָט געוואָלט דורכפירען. ס'איז געווען די אַבזיכט פון דער עקזעקוטיוו צו העלפען אי סאָוויעט רולאַנד, אי די אידען. זייער פאָרשלאַג איז אָבער לוידער דורכגעפאַלען אויף דער קאָנפערענץ, און אַ 25־ער קאָמיטע איז אויסגעקליבען געוואָרען צו שאַפען הילפס־מיטלען פאַר רוסלאַנד. די 25־ער קאָמיטע האָט אָבער ניט געהאַט אין זינען קיין רעליף, נאָר פּאָליטיקס און ווען זיי האָבען געזען, אַז קיין פּאָליטיקס קענען זיי ניט טרייבען אויפ'ן חשבון פון רעליף, איז פון דער גאַנצער קאָמיטע גאָר ניט געוואָרען. די קאָמיטע־לייט זיינען זיך צולאָפען. לוידער זיינען פאַראַן אַזעלכע ברענטשעס, וועלכע קימערען זיך איבעראויפּט ניט איבער דעם גוטען נאָמען פון א. ר.

אין רוסלאַנד איז אַוועקגעשיקט געוואָרען פיל רעליף, אָבער דער א. ר. האָט דערפאַר ווייניג קרעדיט געקראָגען.

פר. גוסקין גייט דאַן איבער צום אַלגעמיינעם צושטאַנד פון אָרדען און באַמערקט, אַז טראָץ די טראָבעל, איז נאָך דער א. ר. אַזוי שטאַרק ווי פריער, און קיינע שטורמען קענען אונזער אָרגאַניזאַציאָן ניט ברעכען. ער ערקלערט ווייטער, אַז זיי האָבען דורכגעפירט די אַרבעט פון אַ פאַראייניגונג מיט'ן לייבאָר ליג, און אויסגעגליכען פילע טראָבל מיט געוויסע סטייטס, וואו די געזעצע זיינען שטרענג. אום צו פאַרמיידען דעפיציטען, האָט די עקזעקוטיוו געדענקט, אַז מען מוז מאַכען אַן עקסטראַ אַסעסמענט אויף 50 סענט. קראַנקען בענעפיט איז געהעכערט געוואָרען פון $6 אויף $8 אַ וואָך, לויט די אָפּשטימונג פון דעם לעצטען רעפערענדום. עס בלייבט אָבער אַן אָפענע פראַגע ווי מען זאָל טאָן מיט'ן צווייטען יאָר בענעפיט, און דאָס איז איבערגעלאָזען געוואָרען פאַר דער נאַציאָנאַלער גרינוועגס קאָם. צו ענטשיידען.

פר. גוסקין ענדיגט זיין רעדע מיט אַן אויפפאָדערונג צו אַלע אַקטיווע מיטגלידער פון אַ. ר. מען זאָל זען אָפּצושטעלען די צושטערענדע אַרבעט פון מאַנכע עלעמענטען, וועלכע האָבען ניט אין זינען די אינטערעסען פון א. ר.

עס ווערען דאַן געשטעלט פראַגען.

פר. יאָנאַס, מאַסס., דענקט, דאָס די אַלגעמיינע שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו צו בלייבען נייטראַל אין טאַקטישע פראַגען איז געווען ריכטיג. ער דענקט אָבער, אַז פר. באַסקין, אַלס פאָרשטייער פון א. ר. האָט ניט געדאַרפט אַרויסזאָגען אַפילו זיין פערזענליכע מיינונג, ווען פר. באַסקין רעדט, דענקט דער עולם, אַז ער רעדט אין נאָמען פון א. ר., און דאַריבער האָט ער געדאַרפט זיין מער פאָרזיכטיג. איבעראויפּט דענקט פר. יאָנאַס, אַז גוסקין האָט געמאָלען די פאַרבען אַביסעל צו שוואַרץ. דער א. ר. האָט אָבער איבערגעלעבט ערגערע צייטען. ער דערמאָנט זיך וועגען די עדלין אַפערע, ווען מען האָט גאָר ניט געוואָלט לאָזען זיך אויסריידען אפילו אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו. ער פרעגט אויך וואָרום די רעליף אַרבעט פאַר רוסלאַנד איז געמאַכט געוואָרען בלויז אַלס אַ לאָקאַלע אַפער. ער באַמערקט, אַז די פּרינציפּען ערקלערונג האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דער מאַסאַטשוסעט אַפער, און די זאַך איז בלויז אויפגעבלאָזען געוואָרען, ווייל די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו נעמען דאָס צו ערנסט. ער באַקלאָגט זיך, וואָס די נאַצ. ב. ד. ווערען באַטראַכט אַלס אַ פינפטער ראָד צום וואָגען, און זיי ווערען ניט אויסגענוצט צו טאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבעט אין זייערע סטייטס.

פר. עטינגער, פילאַ., פרעגט וואָרום עס איז איבעראויפּט אויפגענומען געוואָרען רוסישע רעליף, איז דען ניט דער א. ר. אַ אידישע אָרגאַניזאַציאָן?

די זעלבע פראַגע ווערט געשטעלט אויך פון פר. שטראַוס, טאָראָנטאָ.

פר. זאַק, קאָננ., דענקט, דאָס דער אַלגעמיינער בילד, וואָס דער טשערמאַן האָט געגעבען, איז אַ ריכטיגער, ווייל אייניגע פון די גרינדער פון א. ר. פאַרען יעצט אַרום איבער אַלע שטעט און שטעטלאַך פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און דריקען זיך אויס, אַז עס קומט אַמאָל אויך אַזאַ צייט, ווען מען דאַרף ברעכען אַן אָרגאַניזאַציאָן. ער דענקט, אַז די עקזעקוטיוו איז נאַכלעסיג אין דער פראַגע וועגען אַריינכעמען נייע ברענטשעס. איידער מען גרינדעט אַ נייעם ברענטש דאַרף מען זען מיט וועלכען צוועק דער בר. גרינדעט זיך, און אויב דער בר. דענקט צו טאָן שעדליכע אַרבעט, דאַרף אַזאַ סאָרט בר. אויפגעלייזט ווערען.

פר. בערענשטיין, מישיגען, דענקט, אַז די היינטיגע טומלענישען, וועלכע קומען פאָר אין א. ר. זיינען אַ סך געפערליכער ווי די אַמאָליגע. אַלע צאַנקערייען, וועלכע פלעגען פאָרקומען אין די רייען פון א. ר. פלעגען פאָרקומען צווישען מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע גופא. היינטיגס מאָל זיינען אָבער פאַראינטערעסירט אין די צאַנקערייען אויך זייטיגע אָרגאַניזאַציעס. ער דענקט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט ניט גענומען קיין גענוגענדע שריטע צו ערקלערען זייער שטאַנדפּונקט, וועלכע איז דער שטאַנדפּונקט פון אַלע א. ר. מיטגלידער.

פר. מילער, ווירדזשיניא, פרעגט אינפאָרמאַציאָן וועגען די פאָנדס פון רעליף.

פר. בענענסאָהן, איל., דענקט, דאָס אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט ווערט פאַרנאַכלעסיגט. עס האָבען געדאַרפט גענומען ווערען שריטע אום איינצוהאַלטען די שטרייך מגפה. וועגען די אַלגעמיינע לאַגע, דענקט ער, אַז די א. ר. מיטגלידער זיינען לאָיאַל צו זייער אָרגאַניזאַציאָן. עס איז בלויז אַ מיס־פאַרשטענדניס, וועלכע עס דאַרף אויפגעקלערט ווערען.

פר. פייבעסאָוויטש, אָהיאָ, דענקט, אַז דער א. ר. דאַרף בלייבען אומפּאַרטייאיש און נייטראַל אין פראַגען, וועלכע גייען אים דירעקט ניט אָן.

פר. מינדלין, נ. דזש., פרעגט אינפאָרמיישאָן וואָס פאַר אַ שטעלונג דער א. ר. האָט גענומען אין דער אַרבעט פון דער פּיפּעלס רעליף.

פר. מאַרגאָליס, מאָנטריאָל, קענ., דענקט, דאָס די צוויסטיגקייטען, וואָס גייען אָן אין א. ר. פאַרשטאַרקען דעם אָרדען, ווייל זינט טעאָרעטישע פראַגען זיינען אויפגענומען געוואָרען אין די ברענטשעס, זיינען זיי געוואָרען מער לעבעדיג. די שטרייך מגפה, דענקט ער, איז אַ רעזולטאַט בלויז פון שלעכטע צייטען.

פר. ליקמאַן, מערילענד, דענקט, דאָס באַסקין האָט זייער ריכטיג געהאַנדעלט, וואָס ער האָט אויסגענוצט זיין איינפלוס געגען דער שפּאַלטונג פון דער פעדעראַציע. די באַשולדיגונגען טוען בלויז אַ טובה די שונאים פון אַרבעטער קלאַס, אָבער אַרבעטער פאַרלירען זייער פיל דורך דעם. ער דערציילט אַ פאַקט, דאָס די „לינקע“ פון זייער סטייט פאַראייניגען קדיש־זאָגען מיט רעוואָלוציאָנערע פראַזען.

פר. גוסקין ענטפערט אויף אַלע פראַגען.

„דער א. ר. איז טאַקע אַ אידישע אָרגאַניזאַציאָן, אָבער אויך אַן אַרבעטער קערפּערשאַפט, און אונזער פליכט איז געווען צו העלפען די ליידענדע אין רוסלאַנד אַזוי גוט ווי די אידישע. נאַטירליך, האָבען מיר ניט געוואָלט אַז דער אידישער רעליף זאָל דורך דעם פאַרנאַכלעסיגט ווערען, אָבער דאָס איז ניט אונזער שולד, וואָס אונזער אָריגינעלער פאָרשלאַג איז ניט דורכגעגאַנגען“.

ער ווענדעט זיך דאַן צו יאָנאַס, און דריקט זיך אויס, אַז דער א. ר. איז אומפּאַרטייאיש אין אַבסאָלוטען זין, אָבער דיזער פאַקט קען ניט אַוועקנעמען דאָס רעכט פון אירגענד וועלכע פערזאָן, ניט אַכטענדיג וואָס פאַר אַ שטעלע דיזע פערזאָן פאַרנעמט, דאָס מען זאָל אים אַוועקרויבען זיינע אינדיווידועלע אַנשויאונגען. אַלס פערזאָן האָט פר. באַסקין דאָס פולע רעכט צו סימפּאַטיזירען מיט דיזער אָדער יענער ריכטונג, אַזוי ווי אַנדערע באַאַמטע. ווי ווייט די טומלענישען זיינען ערנסט, צייגט פר. גוסקין דורך אַ בריף, וועלכען ער לעזט פאָר, געשריבען אויף דעם לעטער־העד פון דער אידישער פעדעראַציע, וואו עס ווערען אויפגעפאָדערט די מיטגלידער פון א. ר. צו קומען אין באַרירונג מיט אוטסיידיגע אָרגאַניזאַציאָנען צו ענטשיידען פראַגען, וועלכע זיינען שייך בלויז דעם א. ר. עס זיינען פאַראַן פילע פערזאָנען, וועלכע ווילען זיך אויפ'ן רעכענונג פון א. ר. מאַכען פּאָפּולאַר, און דאָס קען רואינירען אונזער אָרגאַניזאַציאָן. די עקזעק. קאָם. וועט נעמען שריט ניט צו דערלאָזען דאָס אוטסיידיגע פערזאָנען זאָלען קענען דיקטירען די פּאָליסיס פון א. ר.

וועגען די אַנדערע פראַגען, וועלכע זיינען שייך אינשורענס און דער שטרייך מגפה, פאַרזיכערט פר. גוסקין, דאָס אַלע שריטע וועלען גענומען ווערען אַלעס אויסצוגלייכען אויפ'ן בעסטען אופן. די לאַגע איז אַן ערנסטע און ער אַפּעלירט צו יעדען מיטגליד פון דער נ. ב. ד. זיי זאָלען אויפקלערען אין זייערע סטייטס די ריכטיגע לאַגע, און דורך דיזער אויפקלערונג האָפט ער, וועלען אַלע צוויסטיגקייטען באַזייטיגט ווערען.

עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, וועלכער ווערט אָנגענומען צו דאַנקען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע פאַר זייער אַרבעט.

דערמיט ווערט די דריטע זיצונג געשלאָסען.

די 4־טע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג נאָכמיטאָג, מיט פר. מינדלין, נ. דזש. אַלס טשערמאַן.

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער נאַצ. בענעפיט קאָם. באַריכטעט, דאָס דער קראַנקען בענעפיט פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון 225 טויזענד

דאָלאַר, דער קאָנסאָמפּשאָן פאָנד האָט אַ סורפּלוס פון 51 טויזענד דאָל. זיי האָבען געמאַכט אַן אינוועסטיגיישאָן פון די ברענטשעס, און האָבען אויסגעפונען דאָס אַ סך ברענטשעס ציען קראַנקען בענעפיט מער ווי זיי זיינען באַרעכטיגט. די אינוועסטיגיישאָן האָט אַביסעל דיזען איבעל געסטאָפּט. זיי האָבען 5 טויזענד דאָלאַר פאַר די האָספּיטעלער, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פון לעצטען קאָנווענשאָן. ער באַריכטעט אויך, אַז די בענעפיט קאָמ. באַזוכט קראַנקע מיטגלידער פון פרעמדע שטעט, וועלכע געפינען זיך אין היגע האָספּיטעלער.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט פון פר. יאַקאָבי. ער ווערט דאַן באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

פר. קראַפּקאַ, טשערמאַן פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמ. גיט אָפּ זיין באַריכט. ער זאָגט, אַז אין אַלגעמיין האָט די נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע היינטיגען יאָר געהאַט וויניג אַרבעט. אויב מיר זאָלען דורך דיזען פאַקט באַטראַכטען די אַלגעמיינע לאַגע פון א. ר., קען מען זאָגען, אַז אין א. ר. איז רואיג. די איניגע קייסעס, וועלכע זיי האָבען געהאַט זיינען אַלע גוטגעהייסען געוואָרען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמ. בכלל האָט די גריוועַנס קאָמיטע אַ פּאָליסי צו זיין שטרענג מיט סקעבס, און מער מילד וועגען פראַגען פון קראַנקען בענעפיט.

אַלע פראַגען, וועלכע ווערען געשטעלט, ווערען צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט פון פר. קראַפּקאַ, און ער ווערט דאַן באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

עס ווערען אויפגענומען וויי טערע פראַגען אין באַצוג דעם „פריינד“.

פר. בערענשטיין, מישיגען, פרעגט וועגען דער אָרטאָגראַפיע. ער דענקט דאָס די נייע אָרטאָגראַפיע, וועלכע איז איינגעפירט געוואָרען אין איניגע נומערן פון „פריינד“, מאַכען דאָס אַ סך מענשען זאָלען דעם „פריינד“ איבערהויפּט ניט לעזען, און אַז די סעריעס אַרטיקלען, וועלכע ווערען געגעבען אין „פריינד“ זיינען צו לאַנגווייליג. אין „פריינד“ דאַרפען בלויז אויפגענומען ווערען קורצע זאַכען.

פר. שטראוס, קענעדע, פרעגט, וואָרום דער „פריינד“ גיט וויניג פּלאַץ פאַר באַריכטען פון פּראָווינציעלע ברענטשעס.

פר. בענענסאָן, איל., פרעגט, צי דאָס „קינדערלאַנד“ האָט אַ דעפיציט. ער דענקט, דאָס די באַריכטען פון אַלע קאָמיטעס האָבען געדאַרפט ווערען געדרוקט מיט אַ גרעסערן טייפּ, כדי די מיטגלידער זאָלען דאָס קענען בעסער לעזען.

פר. בוילין, רעדאַקטער פון „פריינד“, ענטפערט פאָלגענדעס:

„די פראַגע פון עקספּעדיציע איז אַן אַנגעווייטיגטע, אָבער ער דענקט, אַז די נייע מאַסרעגעלען, וועלכע זיינען אַנגענומען געוואָרען, וועלען די לאַגע אַ סך פאַרבעסערען.“ ער דענקט אָבער, אַז אַ סך קלאַגען זיינען ניט באַרעכטיגט. ער זאָגט, אַז פר. בעלמאַן און רובין האָבען באַהויפּטעט, דאָס אין זייערע סטייטס ווערט דער „פריינד“ איבערהויפּט ניט געשיקט. ער האָט זיי אָבער איבערצייגט פון די פּלאַטען פון דעם "פריינד" דעפּאַרטמענט, דאָס זיי זיינען אין בעסטען אָרדענונג, און די סטייטס ווערען בשום אופן ניט פאַרנאַכלעסיגט.

פר. בוילין גייט דאַמאָלס איבער צו די אַלגעמיינע פּאָליסיס פון „פריינד“. „מען דאַרף וויסען, אַז פאַר אַלעמען יוצא זיין איז אוממעגליך, אָרגאַניזאַציאָנס מענשען לייענען בלויז די באַריכטען פון די סטענדינג קאָמיטעס, די גרויסע מאַסען פון „פריינד“ לעזער קענען אָבער קיין טרוקענע באַריכטען ניט אינטערעסירען, און ווי ווייט די ליטעראַרישע שטאָף, וועלכע מיר גיבען אין „פריינד“, איז צופרידענשטעלענד, קען מען זען דערפון דאָס פילע אייראָפּעאישע אויסגאַבען דרוקען איבער אַרטיקלען פון "פריינד". עס איז דאָ אַ געוויסע סיסטעמע אין צוזאַמענשטעלען דעם „פריינד“ אין ליטעראַרישען זין, און אַלע פראַגען, וועלכע ער האָט געמאַכט, האָבען אים איבערצייגט, דאָס דער „פריינד“ פאַראינטערעסירט מער און מער די אַ. ר. מיטגלידער. וועגען די סעריעס, דענקט פריינד בוילין, דאָס פריינד בערענשטיין איז ניט גערעכט, באַהויפּטענדיג דאָס סעריעס קענען ניט פאַראינטערעסירען דעם „פריינד“ לעזער, ווייל יעדער אַרטיקעל איז פאַרענדיגט, און יעדער איינער קען דאָס אָנפאַנגען לעזען, ניט וויסענדיג וועגען די אַנדערע אַרטיקלען פון דער זעלבער סעריע. פאַר דעם אינטעליגענטען לעזער זיינען די סעריעס פון גרויסער באַדייטונג, ווייל זיי גיבען אים אַ ברייטערן בליק איבער די פּאַסירונגען און היסטאָרישע פאַקטען. וועגען באַריכטען אין אַלגעמיין, דענקט פר. בוילין, דאָס אין 99 פּראָצענט מוזען זיי אין גאַנצען אומגעאַרבעט ווערען. אין דער פאָרמע, אין וועלכער זיי קומען אַריין, איז אוממעגליך זיי אַריינצוגעבען. די גאַנצע צרות פון רעדאַקטירען דעם „פריינד“ האָט ער פון די באַריכטען, וועלכע מוזען אַלע באַאַרבעט ווערען.

וועגען דער אָרטאָגראַפיע, דענקט פר. בוילין, דאָס די פאָנעטישע אָרטאָגראַפיע איז אַ מיטעל צוצוציען אַלע שיכטען פון אַ. ר. מיטגלידער צום „פריינד“, ווייל דער כלל פון אַט דער אָרטאָגראַפיע באַשטייט צו שרייבען פּונקט אַזוי ווי מען רעדט, און דאָס וועט מעגליך מאַכען אַ סך מיטגלידער זיך אויסצולערנען שנעלער צו לעזען און שרייבען אידיש. פר. בוילין דענקט, אַז עס וואָלטען אין גאַנצען געקענט פאַרשוויגען ווערען איניגע פראַגען פון דער רעדאַקציע, ער וואָלט זיך בלויז געקענט באַנוגענען מיט'ן סטייטמענט, דאָס די קאָנווענשאָן האָט אַזוי באַשלאָסען, און ער קומט בלויז נאָך דעם אויפטראַג פון קאָנווענשאָן, אָבער דאָך וויל ער מאַכען איניגע באַמערקונגען וועגען די לידער, וועלכע ערשיינען אין „פריינד“ פון צייט צו צייט, און איבערהויפּט וועגען שיינע ליטעראַטור. זיי האָבען אין אַ געוויסען זין אַ סך אַ גרעסערע ווערדע, דענקט פר. בוילין, ווי דירעקטע אַגיטאַציע. דאָס ליד, צום ביישפּיל, „און דו אַקערסט און דו זייסט“ האָט געמאַכט מער סאָציאַליסטען ווי אַנדערע מאַרקסיסטישע אָפּהאַנדלונגען. יעדער נומער „פריינד“ קאָסט אין גאַנצען דריי סענט פער מעמבער, און די מיטגלידער קריגען דעם „פריינד“ פאַרהעלטניסמעסיג זייער ביליג.

עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאָג דאָס פר. בוילין זאָל באַדאַנקט ווערען פאַר זיין אַרבעט אַלס רעדאַקטער.

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, באַריכטעט:

„טראָץ די שווערע צייטען און די אומגינסטיגע לאַגע, מאַכט די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט אַלע מאָל פאָרשריטע. עס גייט יעצט אַן אַ קאַמפּיין פון נייע מיטגלידער. מיר פירען אַן אַ קאַמפּיין דאָס די מיטגלידער זאָלען זיך ניט לאָזען שטרייכען. עס איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אַ מאַניפעסט דאָס אַלע געלדער ווערען געשענקט פאַר מיטגלידער, וועלכע וועלען זיך ריאינסטייטען ביז אַ געוויסער צייט, און דאָס איז אַלץ מיט דער אבזיכט אָנצוהאַלטען די אָרגאַניזאַציע אין דער זעלבער שטאַרקייט ווי עס איז געווען.

אין אַלגעמיין איז די לאַגע יעצט זייער אַ שלעכטע. דער שווערער קריזיס איבער'ן לאַנד שטערט די אַרבעט. מיטינגען ווערען וויניג באַזוכט, און די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אַ ריזיגע אַרבעט אויפצומונטערן, אַז די ברענטשעס זאָלען בלייבען אַקטיוו. די דיסטריקט קאָמיטעס אַרבעטען גאַנץ גוט, און זיי העלפען אויך אין דער רעליף־אַרבעט. די 25־ער קאָמיטע, וועלכע איז אין ניו־יאָרק אויסגעקליבען צו טאָן רעליף־אַרבעט, האָט זיך אויפגעלייזט, ווייל די מיטגלידער זיינען ניט געקומען צו די מיטינגען, און די דאָזיגע אַרבעט ווערט דורכגעפירט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

פאַר 22 טויזענט דאָלאַר פּראָדוקטען זיינען שוין אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין סאָוויעט רוסלאַנד, און עס איז דאָ גרונד צו האָפען, אַז אין קורצען וועט נאָך געשיקט ווערען. מיר פירען אויך אָן אַ קאַמפּיין פאַר דעם „האיאס“, וועלכער איז זייער אַ וויכטיגע אינסטיטוציע, און באַזוכען שטעט ווי ווייט ס'איז מעגליך. דער לייבאָר־ליג האָט זיך צוזאַמענגעשמאָלצען מיט דעם אַ. ר. און אַלע מאַסאַטשוזעטס ברענטשעס זיינען אינסטאָלירט געוואָרען אין אַ פּאָר טעג. דער טאָג פון דער אינסטאָליישאָן פון די ברענטשעס איז געווען אַ יום־טוב אין מאַסאַטשוזעטס, און עס פרייט אים צו מעלדען, דאָס גאַנץ נייע ברענטשעס, וועלכע האָבען קיינמאָל פריער ניט באַלאַנגט אַפילו אין לייבאָר־ליג, האָבען זיך יעצט אָנגעשלאָסען אָן אַ. ר. פר. דינערשטיין באַקלאָגט זיך דאָס פילע געלדער פאַר רוסישע רעליף זיינען ניט געשיקט געוואָרען דירעקט דור'ן אַ. ר. און דאָס האָט אַ סך געשאַדט דעם פּרעסטיזש פון אונזער אָרגאַניזאַציע. ער באַריכטעט ווייטער וועגען די אַלע נייע ברענטשעס, וועלכע עס האָבען זיך געגרינדעט אין לאַנד, און אַז די אָרג. קאָמיטע אַרבעט געמיינשאַפטליך מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. פר. דינערשטיין האָפט, אַז די צייט וועט אין גיכען קומען און די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט ענדליך געלונגען אַרונטערצוברענגען אַלע קלאַסען־באַוואוסטזיינגע אידישע אַרבעטער אונטער דער פאָן פון אַ. ר.

אַלע פראַגען, וועלכע ווערען געשטעלט, ווערען אויף אַ צופרידענשטעלענדען אופן געענטפערט, און די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט דאַן באַדאַנקט פאַר איר אַרבעט.

## פינפטע זיצונג

די 5־טע זיצונג ווערט ערעפענט שבת, 10 אַ זייגער פרי, מיט פר. עטינגער, פענסילווייניא, אַלס טשערמאַן.

פר. ראָזענבלאַט גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער אָפיס קאָמיטע.

„די אַרבעט אין אָפיס גייט אָן אויפ'ן רעגעלמעסיגען וועג און אין בעסטען אָרדענונג. דער אודיטינג דעפּאַרטמענט אונטערזוכט די ביכער פון פילע ברענטשעס, און ווי עס ווייזט זיך אַרויס, איז די אַרבעט זייער אַ נוצליכע. די אַרבעט איז צופרידענשטעלענד אין אַלע דעפּאַרטמענטס, און איך קען מיט צופרידענהייט פעסטשטעלען, אַז די אַרבעט אין אָפיס איז אין בעסטען אָרדענונג. דעם יאָר זיינען פון דער אָפיס קאָמיטע אַרויסגעפאַלען צוויי מיטגלידער, איינער צוליב אומאָרענטליכקייט און דער צווייטער, פר. אייבראַמס, איז אַוועקגעפאָרען אַלס דעלעגאַט פון ווילנער רעליף. די מיטגלידער פון דער אָפיס קאָמ. זאָרגען אימער, אַז צופיל געלט זאָל ניט בלייבען אין באַנק, און ווי עס איז נאָר דאָ אַ געניגענדע סומע געלט, ווערט דאָס אינוועסטעט אין באָנדס“.

פר. ראָזענבלאַט שטעלט זיך אָפּ וועגען דעם צושטאַנד פון אַלע פאָנדס פון א. ר. און דערקלערט, דאָס יעדער פאָנד האָט זיך פאַרגרעסערט. ס'איז געווען אַ פראַגע וואָס צו טאָן מיט די געלדער פון דעם פאָנד, וועלכער איז געזאַמעלט געוואָרען פאַר די געדרעפּטעטע מיטגלידער. עס איז ענדליך באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער דאָזיגער פאָנד זאָל פאַרבלייבען פאַר עמוירדזשענסי קייסעס.

פון די „אייליען קאַסטאָדיען“ געלט, וואו עס ליגט אַריבער 8 טויזענט דאָלאַר, באַריכטעט פר. ראָזענבלאַט, אַז די אָפיס קאָמיטע האָט גענומען אַלע שריטע צו זען, אַז די געלדער זאָלען אויסגעצאָלט ווערען. פר. באַסקין איז זאָגאַר ספּעציעל פאַר דעם געפאָרען אין וואַשינגטאָן, אָבער די גאַנצע מי, וואָס ס'איז אַנגעווענדעט געוואָרען, איז געווען אומזיסט, ווייל די רעגירונג אַנטזאָגט זיך אויסצוצאָלען די געלדער יעצט, און נאָר דאַן וועלען די געלדער אויסגעצאָלט ווערען, ווען די בענעפישערים אַליין וועלען צושטעלען די ריכטיגע דאָקומענטען, אַז זיי

פאַרלאַנגען דאָס געלט, אָבער זיי קענען דאָס ניט קריגען דורכ׳ן אָפיס.

עס ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען:

פר. שטראוס פרעגט, ווארום עס ווערט ניט געשיקט אַן אודיטאָר איבער׳ן גאַנצען לאַנד, און ווארום דער אָפיס פירט ניט איין סוראַנדער וואַליואיישאַן, און ער פרעגט אויך, צי עס איז יושר׳דיג, אַז דאָס געלט וועלכעס קומט צו די בענעפישערים זאָל ליגען אין אַ רעגירונגס־קאַסע.

פר. פּאַוולאָוו פרעגט וועגען אַ פאַל פון ביכער, וועלכע זיינען אונטערזוכט געוואָרען אין אָפיס און האָבען זיך נאָכהער אַרויסגעצייגט צו זיין ניט ריכטיג אונטערזוכט.

פר. יאַנאָס דענקט, אַז דער אָפיס האָט געדאַרפט איינפירען עקסטענדינג פּאָליסים.

עס ווערען געשטעלט נאָך פאַרשידענע פראַגען, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט פון פר. ראָזענבלאַט מיט פאָלגענדע ווערטער:

„דער אָפיס רעכענט זיך שטענדיג מיט עקאָנאָמיע, און פאָלגליך קען מען קיין אודיטאָר איבער׳ן לאַנד ניט שיקען. די אַלע אויסבעסערונגען אין אינשורענס־געזעצען באַלאַנגען צו דער קאָנווענשאָן. דער אָפיס קען בלויז אויספילען די זאַכען, וועלכע די קאָנווענשאָן נעמט אָן. וועגען די אייליען קאַסטאָדיען קייסעס איז טאַקע זייער פּרויעריג, אָבער מיר קענען זיך גאָר ניט העלפען.״

די אָפיס קאָמיטע ווערט דאַן באַדאַנקט פאַר איר אַרבעט, און דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. באַסקין, גענ. סעק. פון אַ. ר., באַריכטעט פאָלגענדעס:

„עס איז זייער שווער צו קעמפען געגען פראַזען. מאַנכע מענשען ווערען איינגעליבט אין די קלאַנגען פון די פראַזען און זיי פאַרלירען יעדען לאָגישען פאַרשטאַנד. ס׳איז אמת, אַז דאָס בילד, וועלכעס פר. גוסקין האָט געמאָלען וועגען אַ. ר., איז אַביסעל צו שוואַרץ, אָבער אַ סך אמת איז אין באַריכט דאָ. דעם אַ. ר. דראָט אַ געפאַר און די געפאַר איז פון אויסערליכע קרעפטען. מיטגלידער האָבען אויפגעהערט צו זיין לאָיאַל צום אַ. ר. זיי גייען אַזוי ווייט, אַז זיי שטעלען אָן פרעמדע לאָיערס וועגען די אינטערעסען פון אַ. ר. די פראַגע וועגען די פּרינציפּען־ערקלערונג איז דורכאויס אָן אויפגעבלאָזענע. קיינער איז קיינמאָל ניט געווען געגען די פּרינציפּען און פאַר די לאָיאַלע מיטגלידער פון אַ. ר. זיינען די פּרינציפּען אַזוי טייער ווי פאַר די טומעלמאַכער. ווען אַ מיטגליד קומט צוגיין אין אָפיס און לייגט פאָר זיינע טענות, זעט ער באַלד איין דעם גרויסען טעות וואָס ער באַגייט אָנצופאַנגען אין דעם מאָמענט אַ טומעל אין אַ. ר. ווייל ער איבערצייגט זיך דאָס די אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון זייטיגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ווילען דעם אַ. ר. טאָן שאַדען.״

פר. באַסקין גייט איבער צום אַלגעמיינעם צושטאַנד פון אַ. ר. און באַמערקט, אַז עס איז אמת, אַז אין דעם יאָר האָט דער אַ. ר. פאַרלאָרען אַ געוויסע צאָל מיטגלידער אין רעלאַטיווען זין; ווען מען זאָל אָבער קוקען אויף די טאַבעלען פון אַלע פראַטערנאַל אָרדערס, וועט מען זען, אַז פּראָפּאָרציאָנעל האָט דער אַ. ר. פאַרלאָרען ווייניגער ווי אַלע אַנדערע אָרדערס, טראָץ די אומגינסטיגע צייטען, וועלכע מיר לעבען יעצט איבער.

וועגען דעם צושטאַנד פון די פאַרשידענע פאָנדס פון אַ. ר. באַמערקט פר. באַסקין, דאָס ס׳איז נייטיג אָנצופירען אין אַ. ר. אַזאַ פאָנד, וועלכער זאָל זיין פאַר וואוילטעטיגע צוועקען. עס קומט אַמאָל אויס זייער פיל צו ליידען און ער זעט אַז אין פילע פאַלען מוזען מיטגלידער געהאָלפען ווערען, אָבער עס זיינען ניטאָ קיינע פאָנדס, פון וועלכע הילף קען גענומען ווערען.

פר. באַסקין דענקט אויך, אַז די איניציאיישאַן געלט, וועלכע ווערט יעצט געצאָלט אין אַ. ר., דאַרף פאַרברויכט ווערען פאַר די דעפּיציטען, וועלכע זיינען דאָ אין אַנדערע פאָנדס. ער לעזט פאָר אַ לאַנגע טאַבעלע וועגען די צאָלונגען פון פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס און ציט דעם שלוס, אַז די צאָלונגען אין אַ. ר., לויט די פראַטערנאַל רייטס, זיינען דורכאויס קלענער ווי אין אַלע אַנדערע פראַטערנאַל אָרדערס. דער אינדעפּענדענט אַ. ר. באַרימט זיך, אַז זיינע צאָלונגען פאַר דעם מאָרטשועריפאָנד זיינען יעצט נידעריגער ווי די צאָלונגען פון אַ. ר. אָבער דער ברייטער עולם פאַרגעסט דאָס אין דעם אינדעפּענדענט אַ. ר. איז איינגעפירט די סיסטעם פון סטעפּ רייטס, און עס וועט קומען אַ צייט, גראָד ווען די מיטגלידער פון אַ. ר. וועלען ווערען עלטער, און זיי וועלען דאַרפען צאָלען אומגעהייערע סומען. אין אַ. ר. אָבער וועלען די צאָלונגען ניט פאַרגרעסערט ווערען. פר. באַסקין רעקאָמענדירט דאָס די נ. ב. ד. זאָל אויך מיטווירקען דאָס די קאָנווענשאָנס, וועלכע פאַרשלינגען אַזוי פיל געלט, זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען איין מאָל אין צוויי יאָר.

וועגען די אייליען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען געלדער, דריקט פר. באַסקין אויס זיין באַדויערן דאָס אין מאַנכע פאַלען ליידעט דער נאָמען פון אַ. ר., ווייל די געלדער קענען פון אָפיס ניט אויסגעצאָלט ווערען. עס וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן אויפצוקלייבען אַ סומע פון 8 טויזענט דאָלאַר, וואָס די רעגירונג האַלט יעצט, און די געלדער זאָלען קענען אויסגעצאָלט ווערען אָן די פאָרמאַלע שוועריגקייטען, וועלכע די רעגירונג מאַכט.

עס ווערען געשטעלט פאַרשידענע פראַגען צו פר. באַסקין, וועלכע ווערען פון אים צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט. פר. באַסקין ווערט דאַן באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

פר. געליבטער, רעקאָרדינג סעק. פון אַ. ר., אַפּעלירט פאַר דער מעדיצינישער הילפס־קאָמיטע פאַר רוסלאַנד, וועלכע די מיטגלידער פון אַ. ר. האָבען געגרינדעט, און האָפט, אַז די נ. ב. ד. וועט טאָן אַלץ וואָס ס׳איז אין זייערע כחות צו מאַכען די דאָזיגע אונטערנעמונג פאַר אַ גרויסען ערפאָלג. ער באַריכטעט, אַז אין קורצען וועט זיין אַ קאָנצערט מיט ראָזאַ ראַיסאַ און דער פּראָפיט פון דעם קאָנצערט וועט גיין פאַר דער דאָזיגער אונטערנעמונג.

## זעקסטע זיצונג

די זעקסטע זיצונג ווערט ערעפענט שבת נאָכמיטאָג מיט פר. בערענשטיין פון מישיגען אַלס טשערמאַן.

עס ווערט אויפגענומען די קייס וועגען דעם מיטגליד פון בר. 147. פר. אַלעקס קאָהען און גורעוויטש, וועלכע טרעטען אויף אַלס עדות, באַשטעטיגען דעם פאַקט דאָס ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרען פון „בונד״, אַז דער באַטרעפענדער האָט געהאַנדעלט אומאָרענטליך אין פאַרקויפען די טיקעטס פון אַ פּיקניק אין „בונד״. דער אַפּיל ווערט פאַרהאַנדעלט ביי אַן עקזעקוטיוו סעשאַן, און דער פאָלגענדער באַשלוס ווערט אָנגענומען:

מיר נעמען ניט קיין שטעלונג אין דער פראַגע, צי דער באַטרעפענדער מיטגליד איז שולדיג אָדער ניט, אָבער די פאַראַנטוואָרטלונג פון אַן אָנערקענטער אָרגאַניזאַציע איז אַ גענוגענדע אורזאַך צו ראַטען דעם ברענטש דאָס אַ פאַרדעכטיגטע פּערזאָן זאָל קיין אָפיציעלער באַאַמטער ניט זיין.

פר. ביילין גיט דאָ איבער אַ באַריכט וועגען דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. דער באַריכט באַשטייט פון פאָלגענדע אָפּטיילונגען:

1) וועגען ביכער פאַרלאַג. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען דאָס קיין נייע ביכער זאָלען ניט אַרויסגעגעבען ווערען; זיי קויפען אָבער מאַנוסקריפּטען פאַר אַ גינסטיגערער צייט. זיי האָבען געמאַכט בלויז איין אויסנאַם מיט דעם בוך פון פּראָפעסאָר חזן וועגען פּאָגראָמען, ווייל זיי דענקען, אַז אַזאַ בוך איז פון אַ גרויסען נאַציאָנאַלען ווערט, ווייל אין בוך ווערען געגעבען די בעסטע באַווייזען, אַז די פּאָגראָמען אין אוקראַינע זיינען ניט קיין רעזולטאַט פון דעם וואָס אידען זיינען טעטיג אין סאָוויעט רעזשים. קליינע פּאַמפלעטען זיינען יאָ אַרויסגעגעבען געוואָרען, וועלכע זיינען געווען אַבסאָלוט צייטמעסיג, ווי ביבליאָגראַפיע פאַר לערער, פּראָפּאַגאַנדע פּאַמפלעט פאַר די שולען. אויסער דעם פאַרשפּרייט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אויך מאַנכעס מאָל אויסגאַבען פון אַנדערע לענדער. די עדיוקיישאָנאַל קאָמ. אַסיגנירט אַ סומע פון $1000 אַ יאָר פאַר׳ן „קינדערלאַנד״. ער דענקט, אַז דאָס „קינדערלאַנד״ פילט אויס אַ ליידיגען פּלאַץ אין קינדער־ליטעראַטור, ווייל אין קינדער־ליטעראַטור זיינען מיר אָרימער ווי אַלע אַנדערע פעלקער.

2) עדיוקיישאָנאַל אַרבעט. אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוק. קאָמ. געפינען זיך פיל כאָרען, מוזיק, אָרקעסטערס און דראַמאַטישע קלובען. די לעקטשורס און טורס ווערען פאַרגעזעצט אַזוי ווי פריער, אָבוואָל ניט אין אַזאַ גרויסען מאַסשטאַב ווי פריער. די עדיוק. קאָמיטע אַראַנזשירט קורסען פאַר דערוואַקסענע אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלאַך, און די דאָזיגע קורסען העלפען אַ סך אַרבעטער צו קריגען זייער עלעמענטאַרע בילדונג, וואָס איז אין זייער קינדהייט פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען.

3) שול־אָפּטיילונג. עס געפינען זיך 47 אַ. ר. שולען אין 41 שטעט. זייער בודזשעט באַטרעפט אַרום 300 טויזענט דאָלאַר. ס׳איז דאָ אַ האָפענונג, אַז אין גיכען וועט דאָס דערגרייכען ביז אַ האַלבען מיליאָן. די שולען ערוויכען דאָס, אַז די קינדער זאָלען קוקען מיט רעספּעקט אויף זייערע עלטערן און זאָלען ווערען דורכגעדרונגען שוין אין זייערע יונגע יאָרען מיט דעם גייסט פון סאָציאַליזם. די אַ. ר. שול רייסט אַוועק דאָס קינד פון די תלמוד־תורות און אַנדערע אַזעלכע אינסטיטוציעס, וועלכע פלאַנצען איין אין די יונגע הערצער דעם גייסט פון שאָוויניזם. דער אַ. ר. האָט אויסער די עלעמענטאַרע שולען אויך אַ מיטעל־שולע און מוזיק־שולע, און האָבען אין ניו־יאָרק לערער־קורסען. ליידער געפינען זיך אַ סך שולען אין אַ שלעכטען פינאַנציעלען צושטאַנד, און דעריבער ערמוטיגט ניט די נאַצ. שול־קאָמיטע די גרינדונג פון נייע שולען. זיי ליידען זייער פיל פון דעפיציטען. פר. ביילין דענקט, דאָס ווען די קולטורעלע טעטיגקייט פון אַ. ר. זאָל קריגען מער פּובליסיטי, דאַן וואָלט מען געזען וואָס פאַר אַ ריזיגע קולטורעלע אַרבעט דער אַ. ר. שאַפט אין אַלע פאַרוואָרפענע ווינקעלאַך פון די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע.

אַלע פראַגען, וועלכע ווערען געשטעלט, ווערען פון פר. ביילין צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט.

פר. ביילין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

## זיבעטע זיצונג

די זיבעטע זיצונג ווערט ערעפענט זונטאָג, 10 אַ זייגער פרי, מיט פר. פּאַוולאָוו פון ראָוד איילענד אַלס טשערמאַן.

עס ווערען ווייטער אויפגענומען די רעקאָמענדאַציעס פון די פריערדיגע נ. ב. ד.

די רעקאָמענדאַציע איז דאָס די נ. ב. ד. זאָל ערוויילט ווערען טיילווייז. די דאָזיגע רעקאָמענדאַציע פאַלט דורך.

די פראַגע וועגען די 2־יערליכע קאָנווענשאָנס רופט אַרויס אַן אויספירליכע דעבאַטע, אין וועלכער אַלע דעלעגאַטען באַטייליגען זיך. עס ווערט אָנגעוויזען אויף די לעגאַלע שוועריגקייטען, וואָס אַזאַ ענדערונג קען האָבען, אָבער נאָך אַן אויספירליכער דעבאַטע וועגען דער

פראַגע ווערט באַשלאָסען דאָס די נ. ב. ד. רעקאָמענדירט, אַז די יערליכע קאָנווענשאָנס, אין דער פאָרמע ווי זיי ווערען יעצט אָפּגעהאַלטען, זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען, און אַז קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען איין מאָל אין צוויי יאָר.

וועגען לעגאַליטעט ווערט רעקאָמענדירט דאָס די עקזעקוטיוו זאָל געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו באַפרידיגען די געזעצליכע זייט פון אונזער טשאַרטער. פיליכט וואָלט געווען מעגליך דאָס פאָרמעלע קאָנווענשאָנס פון 1 פאָרטרעטער פון יעדען סטייט זאָלען איינגעפירט ווערען.

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע וועגען אָפּשאַפען די איניציאַיישאָן פי. עס ווערט אָנגעוויזען דערויף, דאָס די וואַליואַיישאָן פון אַ. ר. איז מער ווי 100 פּראָצענט, און די איניציאַיישאָן פי איז אַבסאָלוט ניט נייטיג פאַר דעם מאַרטשוערי־פאָנד.

אַ זייער גרינדליכע דעבאַטע קומט פאָר, אין וועלכער אַלע דעלעגאַטען באַטייליגען זיך, און עס ווערט באַשלאָסען דאָס די נ. ב. ד. זאָל רעקאָמענדירען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן דאָס די איניציאַיישאָן פי זאָל זיין צוויי דאָלאַר פאַר אַלע נייע אַריינגעקומענע מיטגלידער, און פון דעם געלט זאָל געשאַפען ווערען אַ פאָנד, וועלכער זאָל קענען פאַרברויכט ווערען אויף קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע.

עס ווערט אויך באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן, דאָס עס זאָל געשאַפען ווערען אַ פאָנד, וועלכען פר. באַסקין האָט רעקאָמענדירט, פאַר וואָוילטעטיגע צוועקען.

עס ווערט אויך אָנגענומען די רעקאָמענדאַציע פון פר. יאָנאַס, דאָס די רעפּאָרטס פון די סטענדינג קאָמיטעס פאַר צוקונפטיגע צוזאַמענפאָרען פון נ. ב. ד. זאָלען זיין געשריבענע. עס ווערט אָבער פאַרשטאַנען דאָס די טשערליוט פון די רעספּעקטיווע קאָמיטעס זאָלען אַנוועזענד זיין, אום צו האָבען אַ מעגליכקייט צו ענטפערען אויף די פראַגען. עס זאָל געמאַכט ווערען אַן אויסנאַם מיט דעם טשערמאַן פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו און דעם גענעראַל־סעק., וועלכע וועלען דאַרפען קומען מינדליך אָפּגעבען זייערע באַריכטען. עס ווערט אויסגעקליבען אַ סאַב־קאָמיטע פאַר אויפנעמען קלאַגען צווישען איין צוזאַמענפאָר ביז דעם צווייטען. אין דער סאַב־קאָמיטע גייען אַריין פר. מ. איווענסקי פון ניו־יאָרק, עטינגער פון פּענסילווייניא, און מינדלין פון ניו־דזשוירזי. עס ווערט אויסגעקליבען אַ קאָמיטע פון די פר. יאָנאַס, עטינגער און איווענסקי צו פאַרעפענטליכען אַ רעזאָלוציע וועגען דער נייטראַליטעט פון אַ. ר. אין די פּאַרטיי־שטרייטיגקייטען.

פר. בענענסאָן ווערט ערוויילט אַלס דעלעגאַט צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן, און פר. יאָנאַס, מאַס., אַלס סאַבסטיטוט.

עס ווערט באַשלאָסען דאָס די נ. ב. ד. זאָל פאָדערען פאַר דער נעקסטער קאָנווענשאָן צוויי פאַרשטייער.

אַלס דעלעגאַטען צו באַזוכען דעם סאַניטאַריום און באַריכטען צום נעקסטען צוזאַמענפאָר ווערען ערוויילט: פר. איווענסקי, ניו־יאָרק; סאַק, קאָנעטיקוט; סיימאָנס, קאַליפאָרניא, און פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד.

אַלס דעלעגאַט צו דער יערליכער פייערונג פון סאַניטאַריום ווערט ערוויילט פר. יאָנאַס, מאַס.

## באַריכטען פון סטייטס

פר. עטינגער, פּענסילווייניא, באַריכטעט פאָלגענדעס:

„דער אַ. ר. איז געוואָרען אַ גרויסער קולטורעלער פאַקטאָר אין פּענסילווייניא סטייט צווישען די אידישע מאַסען.“ ליידער קען ער בלויז באַריכטען פון פילאַדעלפיא. „אין פילאַדעלפיא עקזיסטירען 5 אַ. ר. שולען פאַר קינדער און דערוואַקסענע, וועמעס בודזשעט עס גרייכט ביז 14 טויזענט דאָלאַר אַ יאָר.“ זיי ווענדען אָן אַלע מיטלען, אַז די שולען זאָלען קענען דעקען זייערע אויסגאַבען, אָבער ניט אַלע מאָל געלינגט דאָס זיי, און די שולען ליידען דאַרום פון אַ דעפיציט. וועגען די אַנדערע טעטיגקייטען פון אַ. ר. ברענטשעס, באַריכטעט פר. עטינגער, דאָס צוליב דעם עקאָנאָמישען קריזיס ליידט פיל די רעליף־אַרבעט פאַר רוסלאַנד, און קיין באַדייטענדע סומען זיינען פאַר דעם רעליף ניט געזאַמעלט געוואָרען, און אויך פאַר אַנדערע פאָנדס ווערט ווייניג געלט געזאַמעלט.

פר. שטראַוס, טאָראָנטאָ, באַריכטעט, דאָס אין קענעדע, ווייניגסטענס אין דער פּראָווינץ, פון וואַנען ער קומט, פילט זיך זייער שטאַרק דער עקאָנאָמישער קריזיס. יוניאָנס ליידען זייער פיל, און טראָץ אַלע סטרייקס פאַלען די וויידזשעס פון די אַרבעטער אומגעהייער. דערצו איז נאָך דער קורס פון קענעדער געלט זייער געפאַלען, און דעריבער קען קיין סך געלט ניט געקליבען ווערען פאַר אירגענד וועלכע צוועקען. זיי טוען אַלעס מעגליכעס אום אויפצוהאַלטען די עקזיסטירענדע ברענטשעס, פון וועלכע פילע מיטגלידער לאָזען זיך שטרייכען. אויפ׳ן קולטורעלען געביט טוען זיי דאָס וואָס זיי קענען. זיי האָבען אַ. ר. שולען, אויך אַ מיטעל־שולע און אָרקעסטערס. ליידער מוזען די לערער ניט אין גאַנצען זייער פליכט און די אַרבעט ווערט פאַרנאַכלעסיגט. אין די שולען פילט זיך אויך אַ מאַנגעל אין געלט און דער שכר־לימוד ווערט קוים מיט צרות געדעקט.

רובין, ווילקאָנסין, באַריכטעט:

„אין וויסקאָנסין זיינען דאָ 8 אַ. ר. ברענטשעס, וועלכע זיינען שטאַרק טעטיג אויף יעדען געביט. ליידער זיינען נאָך אַלע ברענטשעס ניט דורכגעדרונגען מיט׳ן גייסט פון סאָציאַליזם. עס זיינען דאָ ברענטשעס, וועלכע באַשטייען פון שול־אידען, ווי אין מעדיסאָן, וויס., אָבער אין אַלגעמיין טוען די מיטגלידער אַלץ וואָס זיי קענען אויפצוהייבען זייער קולטורעלען צושטאַנד. מען האָט געזאַמעלט פיל געלט פאַר רוסלאַנד, וועלכע מען האָט אָפּגעשיקט דורך די „פרענדס אָוו ראַשא“. די שטרייך־מגפה איז זייער שטאַרק אין וויסקאָנסין, און עס לאָזען זיך שטרייכען דוקא רייכע ביזנעס־לייט. די ברענטשעס האָבען אויך לעקטשורס און האַלטען אויף אַ. ר. שולען, אָבער ליידער ליידען זיי פיל דעפיציטען.

פר. סיימאָנס, קאַליפאָרניא, באַריכטעט פאָלגענדעס:

אין דער גאָלדענער וועסט פאַרנעמט דער אַ. ר. אַ בכבוד׳יגען פלאַץ. די ברענטשעס זיינען טעטיג אויף יעדען געביט און האַלטען אויף קאָאָפּעראַטיווע און קולטורעלע אַנשטאַלטען און טוען זייער פיל פאַר דעם לאָס אַנדזשעלעסער סאַניטאַריום. אין קאַליפאָרניא זיינען דאָ בסך־הכל אַרום 12 הונדערט מיטגלידער, אָבער טראָץ די קליינע צאָל איז זיי געלונגען צו שאַפען די סומע פון $16,265.50 פאַר שטיצע פאַר איין יאָר צייט. זיי שטיצען אַלע צווייגען פון דער אָרטיגער באַוועגונג, ווי די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, סטרייקס, סאָוויעט רוסלאַנד א. אַז. וו. די גרעסטע סומען פון זייער שטיצע גיבען זיי צום לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום. די סומע באַטרעפט $6,829.52. די מלחמה־קרבנות זיינען געשטיצט געוואָרען מיט $4,938.15. אויף עדיוקיישאָן האָבען זיי אויסגעגעבען $706.50 און פאַר ראַדיקאַלע שולען $523. טראָץ זייערע קליינע כחות טוען די ברענטשעס אויף גרויסע זאַכען. מען האָט אַראָפּגעבראַכט פר. ניגער פאַר אַ לעקטשור, און דאָס האָט אָפּגעקאָסט איבער $1,000. זיי האָבען אויך אַראַנזשירט אַנדערע לעקטשורס; בכלל מערקט זיך אַ לעבעדיגקייט צווישען די אַ. ר. ברענטשעס אין קאַליפאָרניא.

סאַק, קאָנ., באַריכטעט פאָלגענדעס:

„די ברענטשעס פון קאָנעטיקוט סטייט ליידען פיל פון די יעצטיגע טומלעניש. אַנשטאָט צו טאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבעט, רייסט מען זיך אַרום צווישען זיך. מען קען זיין זיכער, דאָס אין די טומלענישען זיינען שולדיג אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פיינדליך צום אַ. ר. ס׳איז דאָ אין האַרטפאָרד אַ לייבאָר־ליסעאום, וועלכער האָט געדאַרפט זיין אַ ריין אַ. ר. אינסטיטוציע, אָבער ליידער פאַרלירט דער אַ. ר. די קאָנטראָל איבער דעם לייבאָר־ליסעאום. ס׳איז דאָ אין האַרטפאָרד אַן אַ. ר. שול, וועלכע טוט גוטע אַרבעט“.

ם. ליקמאַן, מערילאַנד, באַריכטעט:

„אין באַלטימאָר גייט אָן אַ גרויסער קאַמף צווישען די זאָגענאַנטע „לינקע“ און „רעכטע“ און עס ליידעט דערפון נאַטירליך דער אַ. ר. ס׳זיינען דאָ צוויי אַ. ר. שולען, אָבער איין שול וויל מען פאַרניכטען, ווייל ס׳איז כלומר׳שט ניט לינק גענוג. מען גיט אָן אַ תירוץ דאָס צוויי שולען זיינען צופיל פאַר באַלטימאָר. אין אַלגעמיין זיינען די לערער פון די שולען פעאיגע מענשען, אָבער די פּאָליטיקס ברענגט פיל שאָדען פאַר די שולען. די דיסטריקט קאָמיטע אַרבעט גאַנץ גוט, אָבער זיי קענען ניט אָפּהאַלטען די גרויסע שטרייך־מגפה, וועלכע מערקט זיך אין מערילענד זייער שטאַרק.“

פר. ליקמאַן דענקט, דאָס איניגע ברענטשעס אין מערילענד מוזען ריאָרגאַניזירט ווערען, אום אַ סך מחלוקות זאָלען אויסגעמידען ווערען. די רעליף־געלדער זיינען געגאַנגען פאַר רוסלאַנד דורך די „פרענדס אָוו ראַשא“, ווייל מיר האָבען ניט געוואוסט דאָס ס׳איז דאָ אַ ספּעציעלער אַ. ר. פאָנד פאַר דעם צוועק.

גראַדזיענסקי, מען, באַריכטעט:

„אין מעין סטייט זיינען דאָ 5 ברענטשעס פון אַ. ר. עס זיינען דאָרט דאָ שולען, וועלכע זיינען נייטראַל אין אַלע פּאָליטישע פראַגען. עס ווערט אויך געטאָן פאַר׳ן רעליף נאָך די כחות. אין אַלגעמיין ליידען די ברענטשעס פיל פון דער שטרייך־מגפה.“

בערענשטיין, מישיגען:

„אונזער סטייט ליידט פיל פון דער מגפה, וואָס הייסט „לינקיזם“. וואָס פאַר געפערליכע פאָלגען אַט די מגפה ברענגט קען מען זען פון דעטראָיט. די קאָנסטרוקטיווע אַרבעט ווערט אין גאַנצען פאַרנאַכלעסיגט. די לינקע קימערען זיך ווייניג וועגען אַ. ר. איבעראַל ווערט אַריינגעבראַכט דער גייסט פון צעשטערונג. דער לייבאָר־ליסעאום, אין וועלכען די אַ. ר. מיטגלידער פון דעטראָיט האָבען אַריינגעלייגט איבער 40 טויזענט דאָלאַר, געפינט זיך אין אַ קריטישען צושטאַנד, און קיינער וויל גאָר ניט טאָן פאַר דער דאָזיגער אינסטיטוציע. די לינקע האַלטען אין איין קריטיקירען, אָבער ווילען גאָר נישט טאָן עטוואָס ממשות׳דיגס. מען האַלט אין איין פאָכען מיט׳ן רויטען פרוכת, און אַז איינער וויל טאָן אַרבעט, פאַרלוימדעט מען אים און מען מאַכט דאָס ער זאָל שטיין פון דער ווייטען. די לאַגע אין מישיגען סטייט איז זייער אַן ערנסטע. מיטגלידער לאָזען זיך שטרייכען, קיין זאַך ווערט ניט געטאָן סיי אויף דעם קולטורעלען און סיי אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנס געביט“.

פר. בערענשטיין ענדיגט זיין באַריכט מיט דער באַמערקונג, דאָס ער האָט גאָרניט קעגען אַנדערע מיינונגען, וועלכע זיינען ניט אין

איינקלאנג מיט זיין מיינונג; ער דענקט אבער, דאס אלע פרינציפּיעלע שטרייטונגען דארפען אויסגעקעמפט ווערען אין פאליטישע ארגאניזאציעס אויסער דעם א. ר. אנצופאנגען א סאציאלע רעוואלוציע אין א. ר. איז, מילד געשפּראכען, זייער לעכערליך.

מארגאליס, מאנטריאל, באריכטעט:

„מיטגלידער אין אונזער דיסטריקט פאלען אפּ צוליב די גרויסע בילס, אבער פרינציפּיעלע שטרייטיגקייטען צווישען די לינקע און רעכטע האבען גראד אריינגעבראכט לעבען אין די ברענטשעס. מען טוט קולטורעלע ארבעט לויט די כחות. אין די ברענטשעס זיינען לוידער פארנאכלעסיגט געווארען די בוכפירונגען, און מען האט געהאט טראבעל פון די סעקרעטארען. מען האט דעריבער באשלאסען אנצושטעלען א באצאלטען אודיטאר, וועלכער אונטערזוכט רעגעלמעסיג די ביכער פון די ברענטשעס, און עס מערקט זיך א באדייטענדע פארבעסערונג אין בוך־פירונג".

בעלמאן, מינעסאטא, באריכטעט:

„אויף די מיטגלידער פון מינעסאטא איז זיך ניטא וואס צו באקלאגען. עס זיינען דא ביי אונז אויך אביסעל „רויטע", אבער געווייגליך זיינען די אידען קיין גזלנים חס ושלום ניט. מיר האבען א וואונדערליכען לייבאר־לייסעאום, און מיר טוען אויך גוטע ארבעט פאר די א. ר. שולען."

בענענסאן, אילינאי:

„ביי אונז זיינען דא 46 ברענטשעס, אבער מיר האבען אין שיקאגא 3 א. ר. שולען. פארהעלטניסמעסיג טוען מיר א סך מער ארבעט ווי די ניו־יארקער ברענטשעס. אונזער לייבאר־לייסעאום ברענגט אונז אלע יאר פּראפיט. עס פעלען ביי אונז ניט קיין רייסערייען צווישען די לינקע און רעכטע. ס'איז דא א שטארקע נייגונג צו דער זייט פון די לינקע, אבער דאך זיינען אלע מיטגלידער לאיאל צום א. ר. די סיטי סענטראל קאמיטע אין שיקאגא טוט אויסגעצייכענטע ארבעט."

פייבעסאוויטש, אהייא, באריכטעט:

„דער אלגעמיינער צושטאנד פון סטייט איז צופרידענשטעלענד. מען פּאכט אויך ביי אונז אביסעל מיט'ן רויטען פּרוכת, אבער צו בלוט־פארגיסונג איז נאך דערווייל גאנץ ווייט. די מיטגלידער פון אהייא סטייט זיינען גראד רעכט געשטימט, און דערפאר טוען מיר מאכען גוטע ארבעט. די דיסטריקט קאמיטעס זיינען טעטיג און זיי לעבען אויף די ברענטשעס. אין קליוולאנד זיינען דא גוטע א. ר. שולען, און מיר טוען וויפיל מיר קענען פאר'ן רעליף. מען האט געזאמעלט א סך שפייז און קליידער פאר די מלחמה קרבנות. פון דער שטרייך־מגפה לוידט אהייא סטייט זייער ווייניג."

מילער, ווירדזשיניא, באריכטעט:

„די פראגע פון לינקע און רעכטע באדערט אונז ניט. מייסטע מיטגלידער פון ווירדזשיניא סטייט זיינען קליינע ביזנעסלייט, און זיי זיינען עקאנאמיש שטארק געטראפען פון יעצטיגען קריזיס. אבער דאך טוען מיר פיל פאר'ן רעליף און פאר סאוויעט רוסלאנד. מיר טוען אויך אויף אויפ'ן קולטורעלען געביט. מיר האלטען אויף שולען אין נארפאלק און אין ריטשמאנד. לוידער לוידט די שול אין נארפאלק דערפון וואס די 250 מיטגלידער, וועלכע נארפאלק פארמאגט, זיינען צעווארפען איבער דער גאנצער שטאט, און די שול איז דארום ניט צוגענגליך פאר אלע מיטגלידער.

פאוולאנו, ראוד איילענד, באריכטעט:

„ביי אונז פארנעמט דער א. ר. אין סטייט א גרויסען פּלאץ. דער א. ר. איז טעטיג אויף יעדען געזעלשאפטליכען געביט. מיר טוען רעליף־ארבעט און אויך קולטורעלע ארבעט. די מיטגלידער זיינען לאיאל צום א. ר. און קיין זייטיגע זאכען אינטערעסירען זיי ניט."

מ. מינדלין, ניו־דזשוירזי, באריכטעט:

„צוליב דעם וואס דער רעזולטאט פון מיין עלעקשאן איז מיר באקאנט געווארען בלויז מיט א קורצער צייט פאר'ן צוזאמענפאר פון נ. ב. ד. קען איך בלויז געבען א באריכט פון א טייל פון ניו־דזשוירזי סטייט. נוארק פארמאגט 16 ברענטשעס. ס'איז דארטען דא אן עדיוקיישאנאל קאמיטע, אונטער וועמעס אויפזיכט עס שטייען דער דראמאטישער קלוב, א זינגער־כאר און א מענדאלין ארקעסטער. פאר'ן רעליף האבען מיר געארבעט זעלבסטשטענדיג מיט דער מיטווירקונג פון די יוניאנס. דער פייט פון די לינקע און רעכטע איז אין ניו־דזשוירזי ניט ווייט אוועק. מיר גיבען זיך אפּ מער מיט קאנסטרוקטיווע ארבעט, וועלכע אינטערעסירען אלע ריכטונגען. אין עליזאבעטה איז דא א שיינער לייבאר־לייסעאום און ארקעסטער. בייאן, נ. דזש., בויט אויך א שיינעם לייבאר־לייסעאום אונטערשטיצט פון א. ר. מיטגלידער. איך האף, אז ביים נעקסטען צוזאמענפאר וועל איך קענען געבען א גענויערען באריכט פון די ברענטשעס פון גאנצען סטייט.

פר. איוועוונסקי, ניו־יארק, באריכטעט:

„אין ניו־יארק איז קאנצענטרירט די הויפּט־טעטיגקייט פון א. ר., ווייל דארט געפינט זיך די פארוואלטונג, און ס'איז דעריבער שווער צו אנטשיידען צווישען די לאקאלע און אלגעמיינע טעטיגקייט. די קולטורעלע ארבעט ווערט דא געטאן פון דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע און די ארגאניזאציאנס טעטיגקייט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע. די מייסטע ארבעט ווערט געטאן פון די הילפס־קאמיטעען. די סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע איז דא זייער טעטיג, און פילע מיטגלידער זיינען אלטע טוער אין א. ר. די סיטי עדיוקיישאנאל קאמ. טוט אויך פיל גוטע ארבעט פאר די א. ר. שולען און פאר אנדערע לאקאלע אונטערנעמונגען. די קאנפערענץ, וועלכע איז פאררופען געווארען פאר רעליף־ארבעט, האט באשלאסען דאס ביים יעצטיגען מאמענט איז די רעליף פאר סאוויעט רוסלאנד די וויכטיגסטע. מען האט ערוויילט פאר דעם צוועק א 25־ער קאמיטע, אבער לוידער האט די קאמיטע גארניט אויפגעטאן, ניט קענענדיג אויסנוצען די רעליף־ארבעט פאר פאליטישע צוועקען, איז די קאמיטע פון זיך אליין אויפגעלייזט געווארען. דא אין ניו־יארק, וועלכעס איז דאס וויגעלע פון אלערליי באוועגונגען, גייט אן דער שטרייט צווישען די לינקע און רעכטע אין א קליינעם קרייז. די מייסטע מיטגלידער זיינען לאיאל צום א. ר. וועגען אנדערע שטעט אין ניו־יארק סטייט קאן איך לוידער ניט באריכטען, ווייל זיי זיינען צו ווייט.

יאנאס, מאסאטשוזעטס:

„ס'איז דא זייער פיל צו באריכטען וועגען די ברענטשעס פון מאסאטשוזעטס, אבער אזוי ווי דער א. ר. איז נאך דארטען נייי, דענקט פר. יאנאס, אז ס'איז צו פרי צו געבען א גענויען באריכט. די ברענטשעס פון מאסאטשוזעטס, טראץ דעם וואס זיי זיינען נייי, האבען זיי אבער דורכגעמאכט א גוטע ארגאניזאציאנס שולע. ס'איז דא פילעס צו דערציילען, אבער, ווי געזאגט, מוז מען אביסעל אפּווארטען מיט א גענויען באריכט ביז'ן נעקסטען צוזאמענפאר פון דער נ. ב. ד."

די זיצונגען ווערען געשלאסען זונטאג דעם 1טען יאנואר, 8 א זייגער נאכמיטאג.

מ. איוועוונסקי, סעק. נאצ. באורד און דירעקטארען.

# באריכטען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו קאמיטע

דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע ווערט ערעפענט זונטאג דעם 8־טען יאנואר, 11 א זייגער פרי, פון טשערמאן, פר. ר. גוסקין.

צושריפטען

פון בר. 39. — לאדען איין צוויי פארטרעטער צו זייער יובילעאום באנקעט אויף דעם 15־טען יאנואר. ערוויילט פר. גוסקין און דזש. ראטהמאן.

פון בר. 417. — לאדען איין א פארטרעטער צו זיין 10־יעריגען יובילעאום אויף דעם 29־טען דעצעמבער. ערוויילט פר. ראבערטס און מאלאט.

פון דער נאצ. באארד אוו דירעקטארען. — זיי בעטען איבערצוגעבען איינצעלהייטען וואָרום פר. לעווין פון בר. 838 ווערט ניט צוריק אריינגענומען אין סאניטאריום. באשלאסען זיי צו געבען די איינצעלהייטען וועגען דער אנגעלעגענהייט.

פון דער רוסישער טעקניקעל אייד סאסייעטי. — בעטען צו שיקען פארטרעטער צו דער ערעפענונג פון א נייעם שניידער שאפּ, זונטאג דעם 9־טען יאנואר. ערוויילט פר. י. ראטהמאן און ב. לעוויטאן.

פון פאראיין פון רוסישע לופט־פליער אין בערלין (דייטשלאנד). — אפּעלירען צו שטיצען זייער פאראיין.

פון רוסישען ארבעטער־הילפס־קאמיטעט פון שיקאגא. — מעלדען וועגען דער גרינדונג פון דער דאזיגער קערפּערשאפט און בעטען צו העלפען זיי גרינדען א נאציאנאלע באוועגונג פאר אזא קאמיטעט.

פון דער פּיפּעלס רעליף קאמיטע. — זיי דערמאנען, אז זיי מאכען פארבארייטונגען צו באטייליגען זיך אין דעם אלגעמיינעם דרייוו פאר פערצען מיליאן דאלאר, פאר וועלכע פינף מיליאן וועט גיין פאר די אידישע מלחמה און פּאגראם קרבנות אין סאוויעט רוסלאנד. זיי בעטען אויפצופאדערן אונזערע ברענטשעס צו באטייליגען זיך אין דער דאזיגער הילפס־ארבעט.

עס ווערט באשלאסען די לעצטע 3 צושריפטען איבערצוגעבען צו דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע, וועלכע פארהאנדעלט אויך די רעליף־פראגען.

באריכטען

פר. מאלאט באריכטעט, אז ער איז געוועזען ביי בר. 138, פילאדעלפיא, און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע. זיי האבען געשאפען א היבשע סומע פאר'ן רעליף און פאר די קינדער־שולען. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ראבערטס באריכטעט, אז ער איז געוועזען פארטראטען ביי דעם יערליכען מיטינג פון בר. 74, ווען זיי האבען געפייערט דעם 15־יעריגען יובילעאום. ס'איז געוועזען זייער א גוט־באזוכטער מיטינג, און ער האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו.

פר. ראבערטס באריכטעט, אז פר. באסקין און ער זיינען געוועזען אין פילאדעלפיא ביי דער קאנפערענץ וועגען דער 15־נער קאמיטע. די ניו־יארקער פארטרעטער פון דער 15־נער קאמיטע, וועלכע זיינען געקומען צו דער קאנפערענץ, האבען פשוט געמאכט פאלשע סטייטמענטס און מיסאינפארמירט די אנוועזענדע ביי דער קאנפערענץ. ס'איז מערסטענס גערעדט געווארען וועגען דער לעגאלער ארבעט, וואס

דער אַרבעטער־רינג האָט אָנגעפירט די לעצטע צייט, אָבער קיין ריינפּרינציפּיעלע אַרגומענטען זיינען פון די פּאַרטרעטער פון דער 15־נער קאָמיטע ניט אַרויסגעשטעלט געוואָרען. די קאָנפערענץ האָט זיך מער פאַרנומען מיט קריטיק און אויסזעצונגען געגען איינצעלנע פּערזאָנען און טוער פון אַרבעטער־רינג, ווי מיט פראַגען פון אַ פּרינציפּיעלען כאַראַקטער. פר. באַסקין און ער האָבען איבערגעגעבען די אמת'ע סיטואַציע און אָפּגעליייקענט די פאַלשע סטייטמענטס, וועלכע זיינען פון די פּאַרטרעטער פון דער 15־נער קאָמיטע געמאַכט געוואָרען. אַזוי האָבען זיי, צום ביישפּיל, דערקלערט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו איז איינגעלאַדען געוואָרען צו דער קאָנפערענץ, ווען אין דער אמת'ן איז אַזאַ איינלאַדונג ניט דערהאַלטען געוואָרען, נאָר די עקזעקוטיוו האָט אַליין באַשלאָסען צו שיקען אַהין פאַרטרעטער. צו ענדע פון דער קאָנפערענץ איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט דער וואונש, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל זען, אויב מעגליך, אַז ס'זאָל ווידער אָנגענומען ווערען די פּרינציפּען־ערקלערונג; אָבער קיין באַזונדערע גרופּען זאָלען צוליב דער פראַגע ניט געשאַפען ווערען.

פר. גוסקין באַריכטעט, אַז פר. באַסקין און ער זיינען געווען פאַרטראַטען ביי דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ פון דער 15־נער קאָמיטע. ער דערקלערט, אַז אַ גאַנץ קליינע גרופּע ברענטשעס זיינען דאָרט געווען פאַרטראַטען. דאָס אַליין צייגט שוין דעם איינפלוס פון דער 15־נער קאָמיטע. אַ חוץ דעם, האָט זיך אויך געוואָרפען אין די אויגען, אַז די דעלעגאַטען, מיט אַ קליינער אויסנאַם, זיינען ניט געווען קיין אַרבעטער־רינג טוער, נאָר פּאַרטיי־מענשען, וועלכע זיינען געקומען צו דער קאָנפערענץ מיט אַ באַשטימטען אַבזיכט. ער האָט זיי אָנגעצייגט, אַז אויך לעצטען יאָר, נאָך דעם ווי עס זיינען אָנגענומען געוואָרען די נייע פּונקטען אין דער קאָנסטיטוציע, איז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ערוויילט געוואָרען אויפ'ן זעלבען אופן ווי אין די פריערדיגע יאָרען. אויך זיינען קיינע ענדערונגען ניט פאָרגעקומען אין באַצוג דער אָפּשטימונג פון קאָנווענשאָן רעפערענדום.

פר. גוסקין דענקט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו דאַרף שיקען פאַרטרעטער צו ברענטשעס, וועלכע ווילען וויסען איינצעלהייטען וועגען די פראַגען וואָס די 15־נער קאָמיטע רירט אָן, אָבער ניט שיקען קיין פאַרטרעטער צו אַזעלכע קאָנפערענצען, ווייל די 15־נער קאָמיטע, וועלכע פאַררופט די קאָנפערענצען, האָט ניט קיין ווירקונג און קיין איינפלוס, און מיט דער אַנוועזענהייט פון פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו גיט מען זיי צו פּרעסטיזש און באַדייטונג. ער דערקלערט, אַז ביי דער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראַטען אַרום 30־40 דעלעגאַטען, און די טענות פון די פאַרטרעטער פון דער 15־נער קאָמיטע זיינען ניט באַשטאַנען פון פאַקטען אָדער פּרינציפּיעלע פראַגען, אויף וועלכע ס'זאָל כדאַי זיין זיך אָפּצושטעלען.

פר. באַסקין גיט צו צו די דאָזיגע באַריכטען, אַז לויט דער אַרט און ווייזע ווי די מיטגלידער פון דער 15־נער קאָמיטע שטעלען אַוועק די פראַגע, קען מען זיי אַנדערש ניט ענטפערן ווי אָנצייגען, אַז זיי מיסאינפאָרמירען אַבזיכטליך די אַרבעטער־רינג מיטגלידער, כדי צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז מען האָט כלומר'שט פאַרשאַכערט די פּרינציפּען פון אַרבעטער־רינג. ער גלויבט, אַז די 15־נער קאָמיטע באַציט זיך צום א. ר. ווי דעמאַגאָגען, און מען דאַרף זיי אַלס אַזעלכע אַרויסשטעלען פאַר דער גרויסער אַ. ר. מיטגלידערשאַפט. פר. באַסקין זאָגט, אַז ווען דער לאָיער פון דער 15־נער קאָמיטע וואָלט זיך באַציגען ערנסט און אויפריכטיג צו דער פראַגע, וואָלט ער דערקלערט, אַז די אינשורענס־געזעצען פון די פאַרשידענע סטייטס דאַרף מען גאַנץ גרינדליך שטודירען, און אַזוי ווי דער אַרבעטער־רינג איז אַ געזעצליכער פראַטוירנאַל אָרדען, קען מען ניט דיר ניט מיר איינפירען ענדערונגען, ניט נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די געזעצען פון די פאַרשידענע סטייטס. אנשטאָט דעם, גיט זיי דער לאָיער עצות גלאַט אין דער וועלט אַריין. פר. באַסקין דענקט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע דאַרף יאָ זיין פאַרטראַטען ביי אַזעלכע קאָנפערענצען, ווייל די רענק און פייל פון אַרבעטער־רינג נעמט ערנסט די דערקלערונגען פון דער 15־נער קאָמיטע, ווען אָבער עס זיינען פאַראַן פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו, איז דאָ אַ מעגליכקייט אַוועקצושטעלען אין דער ריכטיגער ליכט די פראַגע פאַר דער אַרבעטער־רינג מיטגלידערשאַפט.

דיזער רעפּאָרט ווערט ברייט דעבאַטירט, און עס ווערט באַשלאָסען דעם באַריכט גוטצוהייסען.

## קאָמיטע

פון בר. 163, מט. ווערנאָן, — זיי דערקלערען, אַז זיי האָבען געהאַט אַ מיספאַרשטענדניס מיט דער וועסטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע, צו וועלכער זיי באַלאַנגען, אין באַצוג 10 דאָלאַר פאַר אַ לעקטשור, וואָס דער ברענטש האָט אַראַנזשירט. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט די פאַרטרעטער, אַז זיי זאָלען זיך ווענדען וועגען דעם צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע.

## צווייטע זיצונג.

די צווייטע זיצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפענט 3:15 נאָכמיטאָג פון טשערמאַן, פר. ר. גוסקין.

## קאָמיטעס

פון לאָקאַל ניו־יאָרק סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. — זיי דערקלערען, אַז עס ווערט אַראַנזשירט אַ באַנקעט צו פייערן דעם פופציג־יעריגען יובילעאום פון מאיר לאָנדאָן. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל ערוויילען פאַרטרעטער צו באַטייליגען זיך אין דער אַראַנזשמענט קאָמיטע פון דעם יובילעאום. ערוויילט פר. י. ראָטהמאַן, לעוויטאַן און מאַלאַט.

פון עקס־פּאַציענטען־היים אין דענווער. — זיי מעלדען, אַז זיי פירען אָן אַ קאַמפּיין אין ניו־יאָרק צו שאַפען 75 טויזענט דאָלאַר פאַר דעם אַנשטאַלט. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל אינדאָרסירען זייער קאַמפּיין. באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

פר. ל. ראָטהמאַן דערקלערט, אַז די קאָנווענשאָן רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע האָט געהאַט אַ מיטינג און אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע רייע רעקאָמענדאַציעס. אַזוי ווי זיי זיינען אָבער נאָך ניט פאַרטיג מיט דער אַרבעט, קען נאָך די קאָמיטע קיין גענויען רעפּאָרט ניט אָפּגעבען. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס:

די קאָנפערענץ צו נאָמינירען די פאַרוואַלטונג פאַר'ן קומענדען יאָר איז גערופען געוואָרען אויף זונטאָג דעם 19־טען פעברואַר. ער דויטעט אָן, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף באַשטימען דאָס די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס זאָל אויסאַרבעטען דעם פּלאַן פאַר די טעריטאָריען קאָנפערענצען צו שטימען פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, ווייל די לעצטע עטליכע יאָר האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פאַר די קאָנפערענצען. ער דויטעט אָן, אַז אין ניו־יאָרק וועלען וואַרשיינליך זיין צוויי טעריטאָריען, איינע אין ניו־יאָרק און איינע אין ברוקלין.

דער מאָרטשוערי פאָנד איז אין פאַרלויף פון יאָר 1921 פאַרגרעסערט געוואָרען אויף $161,353.37. דער קראַנקען־בענעפיט און קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנדס האָבען יעצט אַ סורפּלוס פון 281,383.36 דאָלאַר. די דאָזיגע פאָנדס זיינען אין פאַרלויף פון יאָר פאַרגרעסערט געוואָרען אויף $184,878.58. דער סאַניטאַריום בילדינג פאָנד האָט צום ערשטען יאַנואַר 1922 געהאַט אַ סורפּלוס פון $27,483.24. דער סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד האָט געהאַט אַ סורפּלוס פון אַרום $4,700.00.

די מיטגלידערשאַפט איז צום ערשטען יאַנואַר 1922 באַשטאַנען פון 82,988. דעם ערשטען יאַנואַר 1921 איז אונזער מיטגלידערשאַפט געווען 81,576, דאָס הייסט, אַז מיר האָבען אין פאַרלויף פון דעם יאָר געהאַט אַ נעט צוואוואוקס פון 1412 מיטגלידער. נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז מאַנכע גרויסע אָרדענס האָבען אין פאַרלויף פון דיזען יאָר, ווען דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט אַ שווערען קריזיס, פאַרלאָרען אַ דריטעל אָדער אַ פערטעל פון זייערע מיטגלידער, איז דער צושטאַנד פון אונזער מעמבערשיפּ זייער אַ גוטער.

דער סעקרעטער פון דער נ. ב. ד., פר. איוועַנסקי, בעט צו דערלויבען אים טייפּרייטען די באַריכטען פון דער נ. ב. ד. באַשלאָסען צו באַוויליגען זיין פאַרלאַנג.

פר. באַסקין שטעלט זיך אָפּ מיט איינצעלהייטען אויף דעם צושטאַנד פון אַלע אונזערע פאָנדס, און זיין רעפּאָרט ווערט נאָכהער גוטגעהייסען.

## וועגען די ביכער פון דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די אָפיס קאָמיטע זאָל צוזאַמען מיט דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זען וואָס עס קאָן געטאָן ווערען צו פאַרקויפען די ביכער וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָם. האָט אַרויסגעגעבען.

---

פר. גורעוויטש דערקלערט, אַז די קאָמיטע צו אונטערזוכען די פראַגע וועגען דער אַמנעסטיע באַוועגונג האָט שוין געהאַט איינינגע מיטינגען. זיי דאַרפען אָבער האָבען אַ סעקרעטער צו האַלטען אַ רעקאָרד פון די מיטינגען. עס ווערט באַשלאָסען אַז דער אָפיס זאָל פאַר דער קאָמיטע זען קריגען אַ סעקרעטער.

וועגען פאַרלאַנג פון דער לייבאָר פילם סוירוויס (זע פּראָטאָקאָל פון 13־טען דעצעמבער 1921) ווערט באַשלאָסען, אַז פר. באַסקין זאָל אויסגעפינען מער איינצעלהייטען וועגען אָט דער קערפּערשאַפט און באַריכטען צו איינע פון די קומענדע מיטינגען.

## טשערמאַנס רעפּאָרט

פר. גוסקין דערקלערט, אַז ער האָט אָפּגעגעבען אַ באַריכט פון דער אַרבעט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ביי דער נ. ב. ד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם וואָס פר. באַסקין האָט נאָך דער שפּאַלטונג פון דער אידישער פעדעראַציע באַגריסט די קאָנווענשאָן פון „פאַרבאַנד". ער האָט זיי דערמאָנט, אַז ס'איז נאָכהער אָנאָנסירט געוואָרען אין „פאָרווערטס" דאָס פר. באַסקין האָט באַגריסט דעם „פאַרבאַנד" אין זיין אייגענעם נאָמען, אָבער ניט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

פר. גוסקין דערקלערט, אַז ער האָט זיך בכלל אין זיין רעפּאָרט ביי דער נ. ב. ד. אָפּגעשטעלט אויף דער אַלגעמיינער אַרבעט פון דער עקזעקוטיוו, און ער האָט אין ברייטע שטריכען אָנגעצייגט ווי שווער עס קומט אויס דעם יאָר אָנצופירען אַ גרויסע אַרבעט, ווען פון איין זייט הערשט נאָך דער עקאָנאָמישער קריזיס, און פון דער אַנדערער זייט קומט זיך אויס אָנצושטויסען דאָ און דאָרט אויף דעם פראַקציאָנעלען קאַמף וואָס הערשט יעצט אין אונזער באַוועגונג. טשערמאַנס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## נאָמיניישאַנס פאַר סעקרעטערס

פר. י. באַסקין ווערט נאָמינירט אַלס דזשענעראַל סעקרעטער און פר. פ. געליבטער פאַר רעקאָרדינג סעקרעטער. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דער נאָמיניישאָן ביי דעם נעקסטען מיטינג.

---

פר. לעוויטאַן דערקלערט, אַז אַ מיטגליד פון אַ ברענטש אין פילאַדעלפיא איז ערווילט געוואָרען אַלס „דזשאַסטיס אוו פּיעס" פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי. ווען די דאָרטיגע דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט, אַז דער ברענטש זאָל נעמען אַ שטעלונג וועגען דער פראַגע, האָט דער ברענטש אויף אַ מיאוס'ן אופן אַטאַקירט די דיסטריקט קאָמיטע. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געוואָרפען אַ ספּעציאַל מיטינג פון ברענטש וועגען דער פראַגע. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אַז אויב דער ברענטש וועט ניט נעמען קיין שטעלונג וועגען דעם, וועט נייטיג זיין דעם ברענטש אויפצולייזען אָדער אים צו רעאָרגאַניזירען. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע נאָכאַמאָל צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָם.

פר. לעוויטאַן גיט אויך איבער, אַז פר. ל. דינערשטיין איז ערווילט געוואָרען אַרויסצופאָרען אויף דעם אָרגאַניזאַציאָנס-טור. דער באַריכט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָווענט, דעם 17־טען יאַנואַר. דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

**אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון א. ר. ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָווענט, דעם 17־טען יאַנואַר, מיט פר. י. ראַטהמאַן אַלס טשערמאַן.**

### צושריפטען

פון אַרבעטער־רינג לייבאָר־לייסעאום פון עליזאַבעטה, נ. דזש. — זיי לאַדען איין צוויי פאַרטרעטער צו דעם יובילעאום פון דעם לייבאָר־לייסעאום, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג דעם 22־טען יאַנואַר. ערווילט פר. העסקעל און כאַנין.

פון אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט. — זיי בעטען צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו זייער האַלב־יערליכען קאָנפערענץ, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג דעם 22־טען ד. מ. ערווילט פר. מאַלאָט און בלאַק.

### רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז ס'איז אינוועסטעט געוואָרען הונדערט טויזענט דאָלאַר — פופציג טויזענט דאָלאַר אין באָנדס, און פופציג טויזענט דאָלער אין מאָרטגעדזשעס.

אום די אַרבייט אין מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט צו מאַכען איינפאַכער, איז באַשטימט געוואָרען, אַז אויף די בילס און רעפּאָרטס, וואָס ווערען געשיקט צו די ברענטשעס יעדען קוואַרטאַל, זאָל ניט זיין דער טאָטאַל פון מיטגלידער פון יעדען קלאַס און עלטער באַזונדער. אנשטאָט דעם ווערט אָנגעגעבען די צאָל מיטגלידער פון יעדען קלאַס און עלטער באַזונדער, און איין אַלגעמיינער טאָטאַל. אויך איז אָפּגעשאַפט געוואָרען צו געבען אין די רעפּאָרטס צו די ברענטשעס צו ענדע פון קוואָרטאַל די ליסטע פון ריאינסטייטעטע און געשטראָבענע מיטגלידער, ווייל אַזעלכע רעפּאָרטס ווערען צוגעשיקט צו די ברענטשעס יעדען מאָנאַט. דאָס וועט שפּאָרען אַ מאַסע צייט אין מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט, און עס וועט העלפען, אַז די בילס זאָלען קענען אַרויסגעשיקט ווערען אין צייט צו די ברענטשעס.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשטימט, אַז די קראַנקען־בענעפיט פאַר מעמבערס עט לאַרדזש זאָל אויסגעצאָלט ווערען דורך טשעקס פון פר. באַסקינס טשעק־אַקאַונט, אום זיי זאָלען קריגען די בענעפיט שנעל אויסגעצאָלט און ניט דאַרפען וואַרטען ביז די אַלגעמיינע טשעקס וועלען אונטערגעשריבען ווערען. (ווי באַוואוסט, ווערען די טשעקס אין אָפּיס אונטערגעשריבען פון טשערמאַן און טרעזשורער בלויז איין מאָל אַ וואָך.)

---

מאַנכע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו דענקען, אַז מען דאַרף צוריק איינפירען צו געבען אין די רעפּאָרטס פון יעדען קוואַרטאַל די צאָל געשטראָבענע און ריאינסטייטעטע מיטגלידער, ווייל פילע ברענטש סעקרעטערס האַלטען ניט די מאָנאַטליכע רעפּאָרטס וואָס ווערען צו זיי צוגעשיקט און צו ענדע פון קוואַרטאַל האָבען זיי ניט קיין גענויען רעקאָרד וועגען די געשטראָבענע און ריאינסטייטעטע מעמבערס.

עס ווערט אויך אָנגעדייטעט, אַז די אָפּיס קאָמיטע דאַרף אָננעמען מיטלען און זען, אַז די מעמבערס עט לאַרדזש אין ניו־יאָרק, אַזוי גוט ווי אין אַנדערע שטעט, וואו עס זיינען פאַראַן ברענטשעס, זאָלען טראַנספערירט ווערען צו ברענטשעס.

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגען צו דער אָפּיס קאָמיטע, און דער רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע

פר. קראַפּקאָ, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, גיט נאָכאַמאָל איבער איינצעלהייטען וועגען דעם אַפּיל פון אַ פריינדין פון בר. 53 (זע רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע אין לעצטען מאָנאַטליכען באַריכט פון 13־טען דעצעמבער).

ער דערקלערט, אַז צוויי מיטגלידער פון בר. 83 האָבען אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַוויליגען 50$ פאַר די „נייע וועלט". די אַפּעלאַנטען האָבען זיך געשטיצט דאַרויף, אַז דער דאָזיגער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרען ניט ביי קיין ספּעשעל מיטינג, און אויסער דעם איז די ברענטש־קאַסע צו יענער צייט געוועזן געשלאָסען. דער ברענטש האָט געלאָזט וויסען שריפטליך, אַז זיי אָנערקענען די קלאַגע, און אַז זיי געפינען ניט פאַר נויטיג צו שיקען אַ קאָמיטע צו דער הירינג. די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שרייבען צום ברענטש, אַז שטיצענדיג זיך דאַרויף דאָס זיי האָבען אַליין צוגעגעבען אַז די קלאַגע איז באַגרינדעט, און שטיצענדיג זיך אויף די אויבענדערמאָנטע טענות פון די אַפּעלאַנטען, איז באַשלאָסען געוואָרען צו דערקלערען זייער האַנדלונג אומגעזעצליך און דערמאָנען זיי אַז זיי קענען די 50$ ניט אויסצאָלען.

אַ גרופּע מיטגלידער פון בר. 288 האָט אַפּעלירט געגען פאָלגענדער האַנדלונג פון ברענטש: ביי אַ ספּעשעל מיטינג איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען רוסישע רעליף און מיט אַ מאַיאָריטעט שטימען איז דאַמאָלס באַשלאָסען געוואָרען, אַז די געלדער, וועלכע זיי וועלען קלייבען, זאָלען גיין פאַר די אידישע רעליף אין רוסלאַנד. נאָכהער האָט דער סעקרעטער אַליין פאַררופען אַ מיטינג נאָכאַמאָל צו פאַרהאַנדלען די פראַגע. ביי דעם צווייטען מיטינג איז מיט 7 שטימען געגען 5 באַשלאָסען געוואָרען, אַז זייערע רעליף־געלדער זאָלען גיין פופציג פּראָצענט פאַר רוסישע און פופציג פּראָצענט פאַר אידישע רעליף אין רוסלאַנד. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען ניט אָפּגעלייקענט דעם באַשלוס פון ערשטען מיטינג, און זיי האָבען אויך באַשטעטיגט, אַז דער צווייטער מיטינג איז גערופען געוואָרען בלויז פון סעקרעטער. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו דערקלערען דעם ברענטש, אַז דער צווייטער מיטינג פון ברענטש איז געוועזן אַן אומגעזעצליכער און פאָלגליך בלייבט דער באַשלוס פון ערשטען מיטינג אין קראַפט.

די גריוועגס קאָמיטע האָט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען די צאָלונגען פאַר'ן צווייטען און דריטען יאָר קראַנקען־בענעפיט. דער פונקט אין דעם לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום וועגען דער פראַגע לעזט זיך: „דער קראַנקען־בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען פון זעקס אויף אַכט דאָלאַר אַ וואָך. דער טעקס פאַר דעם פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 90 סענט אויף $1.05 אַ קוואָרטאַל". אין דעם פונקט ווערט בלויז דערמאָנט, אַז די בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען פון זעקס אויף אַכט דאָלאַר אַ וואָך. עס ווערט אָבער ניט אָנגעדייטעט וויפיל עס זאָל געצאָלט ווערען בענעפיט פאַר'ן צווייטען און דריטען יאָר אויף דער זעלבער קראַנקהייט. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז פאַר'ן צווייטען און דריטען יאָר קראַנקען־בענעפיט, אויף דער זעלבער קראַנקהייט פון ערשטען יאָר, זאָל געצאָלט ווערען צו 4 דאָלאַר אַ וואָך. די גריוועגס קאָמיטע האָט איר באַשלוס געשטיצט דאַרויף, וואָס ביז יעצט איז פאַר'ן צווייטען און דריטען יאָר בענעפיט געצאָלט געוואָרען 3$ אַ וואָך, דאָס הייסט, אַ העלפט פון דעם בענעפיט פון ערשטען יאָר. איצט ווען דער בענעפיט פון ערשטען יאָר איז געהעכערט געוואָרען אויף 8 דאָלאַר אַ וואָך, דאַרף פאַר'ן צווייטען און דריטען יאָר אויך געצאָלט ווערען אַ העלפט פון דער וואָכענטליכער בענעפיט פון ערשטען יאָר.

---

אין באַצוג צו דעם אַפּיל פון בר. 53, גלויבט פר. העסקעל, אַז די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע קען ניט אַנטשיידען, אַז דער ברענטש זאָל אויסצאָלען לאָקאַלע בענעפיט, ווייל דער ברענטש האָט זיך זיינע לאָקאַלע רולס, און ער מעג האַנדלען לויט די דאָזיגע רולס. די פראַגע וועגען אַט דעם אַפּיל ווערט לאַנג דעבאַטירט, און עס ווערט באַשלאָסען די אַנטשיידונג פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע גוטצוהייסען.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע

פר. גורעוויטש, וויס טשערמאַן פון דער קאָם., באַריכטעט פאָלגענדעס: דער צושטאַנד פון די אַרבעטער־רינג שולען האָט זיך די לעצטע עטליכע וואָכען באַדייטענד פאַרבעסערט.

צוליב דעם וואָס עס קומען פאָר רייבונגען צווישען די טוער פון די א. ר. שולען אויפ'ן גרונד פון דעם יעצטיגען פּראַקציאָנעלען קאַמף אין דער באַוועגונג, האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאַנאַנדערגעשיקט צירקולאַרען און גערופען די א. ר. ברענטשעס צו האַרמאָנישע אַרבעט אויפ'ן געביט פון די שולען. דער צירקולאַר איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיטע און פון די באַאַמטע, אַלס איבערצייגונג, אַז ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס די מיטגלידער פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און די באַאַמטע באַלאַנגען צו פאַרשידענע ריכטונגען, זיינען זיי אָבער איינינג וואָס אַנבאַלאַנגט די קינדער־שולען.

די שול־וואָך איז דורכגעפירט געוואָרען איבער'ן גאַנצען לאַנד מיט גרויס ערפאָלג. די באַריכטען וואָס זיינען ביז יעצט אָנגעקומען זיינען געוועזן זייער דערפרייענד. טויזענטער מיטגלידער און פריינד פון אַרבעטער־רינג האָבען באַזוכט די מאַסענפאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען צוליב דער געלעגענהייט אָרגאַניזירט געוואָרען.

די סיטי עדיוקיישאַנאל קאָמיטע פון ניו־יאָרק האָט באַשלאָסען צו אַראַנזשירען יעדען יאָר אַ יערליכען באָל און אויך אַ פּיקניק אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב און דער פּראָפיט פון אָט די אונטערנעמונגען זאָל גיין פאָר די אָרטיגע קולטורעלע אַנשטאַלטען פון אַ. ר.

די ביכער־אויסגאַבען זיינען פאָרלויפיג אָפּגעשטעלט געוואָרען. פּראָפעסאָר הפצ׳ס בוך איבער די פּאָגראָמען אין אוקראַינע איז דערוויל פאַרשפּרייט געוואָרען אין אַרום טויזענט עקזעמפּלאַרען און אַ קאָפּיע פון בוך איז געשיקט געוואָרען צו יעדען ברענטש.

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו נעמען, אומפּאַראַנטוואָרטליך, 200 סעטס ביכער פון א. ליטווין, און 200 עקזעמפּלאַרען, פאַבלען פון נחום י. די דאָזיגע ביכער וועט די עדיוקיישאַנאל קאָמיטע קריגען אויף אַ זייער רעדוצירטען פּרייז, און דאָס וועט געבען אַ מעגליכקייט די מיטגלידער פון אַ. ר. צו פאַרשאַפען זיך די ביכער אַ סך ביליגער ווי זיי קענען קריגען דורך אַנדערע קוועלען.

דער שול־צוזאַמענפאָר וועט דעם יאָר אָפּגעהאַלטען ווערען אין פילאַדעלפיא, דעם 14־טען, 15־טען, 16־טען און 17־טען אַפּריל. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די פאַרטרעטערשאַפט צו דעם צוזאַמענפאָר זאָל זיין איין לערער און איין פאַרוואַלטער. די ערטער, וועלכע קענען ניט שיקען קיין 2 פאַרטרעטער, זאָלען זיין פאַרטראָטען דורכ׳ן לערער. די באַן־הוצאות ביז $20 וועט דאַרפען געדעקט ווערען פון די דעלעגאַטען אַליין, און איבער $20 זאָל געדעקט ווערען 50 פּראָצענט פון דעם שול־פאָנד. אויסער די באַן־הוצאות וועט יעדער דעלעגאַט קריגען $10 פאַר די אויסגאַבען פון די 3 טעג, וואָס די קאָנווענשאָן וועט אָנהאַלטען.

דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאַנאל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז דר. יועל איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס אַסיסטענט דאָקטאָר אין סאַניטאַריום. דר. יועל האָט געהאַט 10 יאָר פּראַקטיק אין אייראָפּע און איז ניט לאַנג געקומען אין אַמעריקע.

די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו זען וואָס עס קען געטאָן ווערען צו מאַכען אַראַנזשמענטס מיט אַ דענטיסט, וועלכער זאָל קומען יעדע וואָך אין סאַניטאַריום קורירען די ציין פון די פּאַציענטען.

ער איז באַשטימט געוואָרען צו ריאָרגאַניזירען די אָרדנונג פון קיך אין סאַניטאַריום. דער יעצטיגער אַסיסטענט־קוכער וועט אַוועקגעשיקט ווערען און איינער פון די אָנגעשטעלטע אין קיך וועט טאָן זיין אַרבעט.

דער סילינג פון קיך איז געדעקט געוואָרען מיט קענוועס און איבערגעפּיינט געוואָרען. מען דענקט, אַז די קענוועס וועט העלפען, אַז עס זאָלען זיך ניט אָפּשיטען קיין ברעקלאַך ווען דער סילינג וועט אויסגעטריקענט ווערען.

ס׳איז געאָרדערט געוואָרען אַ דאָזען אָרם־טשערס פאַר די פּאַציענטען.

ס׳איז געקויפט געוואָרען נאָך 50 בלייִנקעטס ווען ס׳איז געוואָרען קאַלט. עס וועט נייטיג זיין צו קויפען 25־80 נייע מאַטראַצען, ווייל מאַנכע מאַטראַצען זיינען צעריסען געוואָרען.

ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען צו נעמען עסטימייטס פאַר אויפצובויען אַ פּאָרטש צום פראָנט פון דער אַדמיניסטריישאָן בילדינג. דאָס וועט וואַרשיינליך זיין פאַרבונדען מיט אַרום צוויי טויזענט דאָלאַר אויסגאַבען.

דער אינסינעריטאָר, די מאַשין אויף צו פאַרברענען די שמוץ און לייבען פון די פּאַציענטען, אַרבעט ניט אַזוי ווי מען האָט ערוואַרטעט. די קאָמפּאַניע, וועלכע האָט צוגעשטעלט דעם אינסינעריטאָר, פאַרשפּרעכט דאָס צו פאַרריכטען.

דאָס וועגעלע אויף איבערצופירען עסען פון אַדמיניסטריישאָן בילדינג אין האָספּיטאַל צייגט זיך אַרויס צו זיין ניט אַזוי נוצליך. ס׳איז דאַרום באַשלאָסען געוואָרען דאָס וועגעלע אומצוקערען.

אַ לאָיער האָט געבעטען צו געבען אים דעם געגנייעם נאָמען פון אונזער סאַניטאַריום, ווייל זיינער אַ קליענט וויל אין זיין צואה איבערלאָזען אַ געוויסע סומע פאַר׳ן אַנשטאַלט. ס׳איז געענטפערט געוואָרען, אַז מיר דאַנקען יענעם קליענט פאַר זיין פריינדליכער באַציאונג צום סאַניטאַריום, און מען האָט דערביי אויפמערקזאַם געמאַכט דעם לאָיער, אַז ביישטייערונגען פאַר אונזער סאַניטאַריום ווערען אָנגענומען בלויז פון מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג.

צו ניו־יאָר איז אַראַנזשירט געוואָרען אַ הערליכער קאָנצערט אין סאַניטאַריום פאַר די פּאַציענטען. אין דעם קאָנצערט האָבען זיך באַטייליגט א. פּאָרטנאָוו, אַ יונגער טאַלאַנטפולער וויאָליניסט, אַ זון פון אַ מיטגליד פון אַרבעטער־רינג; מאַדאַם וועסיאַלאָיאַ, וועלכע האָט געזונגען רוסישע און אידישע פאָלקס־לידער; א. קאָפּען, פּיאַניסט; מ. אַקטער האָט פאָרגעלעזען. דר. האַלפּערן איז אַנוועזענד געוועזען, און פר. גליבטער האָט דאָרט פאַרטראָטען די סאַניטאַריום קאָמיטע. דר. אַנטאַנאָווסקי איז געוועזען דער טשערמאַן פון קאָנצערט, וועלכער איז געוועזען זייער אַן ערפאָלגרייכער.

אין ניו־יאָרק וועט דער סאַניטאַריום־טאָג־יום־טוב געפייערט ווערען שבת אָווענט דעם 4־טען פעברואַר, דורך אַ קאָנצערט געגעבען אין קאַרנעגי האָל. אין דעם קאָנצערט וועלען זיך באַטייליגען הזן יאָסעלע ראָזענבלאַט, מאַקסימיליאַן פּילזער, וויאָליניסט; דער א. ר. אָרקעסטער, אונטער דער לייטונג פון מר. פּאַפּאַרעלאָ, און אַנדערע אַרטיסטען. עס איז באַשטימט געוואָרען אַז די איינקונפט פון דעם סאַניטאַריום קאָנצערט, אויב עס וועט זיין אַזעלכער, זאָל גיין צום פאָנד פאַר׳ן אַ. ר. האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד.

אין סאַניטאַריום גופא וועט דער סאַניטאַריום יום־טוב געפייערט ווערען דעם 12־טען פעברואַר. די סאַניטאַריום קאָמיטע לאַדעט איין די עקזעקוטיוו צו שיקען אַ קאָמיטע אין סאַניטאַריום צו דעם יום־טוב.

די גרויסע וואָג אין סאַניטאַריום איז געווען קאַליע, און ס׳איז פון נ־יאָרק אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ מאַן זי צו פאַרריכטען.

דער באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אין סאַניטאַריום צום יובילעאום אַ קאָמיטע פון 5. עס ווערען ערוויילט פר. העסקעל, בלאָק, ראָזענבלאַט, ראָבערטס און קרינסקי.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס: בר. 288 האָט זיך מיט אַ צייט צוריק געווענדט צו דער בענעפיט קאָמיטע, אַז זיי האָבען אין סעפּטעמבער פון לעצטען יאָר אויסגעצאָלט פאַר 10 וואָכען בענעפיט צו זייערען אַ מיטגליד, וועלכער איז נאָכהער געשטראָכען געוואָרען און ניט צוגעשטעלט קיין סטייטמענט פאַר זיין קראַנקהייט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַאויפטראָגט דעם ברענטש צו קריגען אַזאַ סטייטמענט. יעצט האָבען זיי צוגעשטעלט אַ סטייטמענט פון האָספּיטאַל, און די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו קרעדיטירען דעם ברענטש מיט דער בענעפיט.

אַ מיטגליד פון בר. 618 האָט צוגעשטעלט אַ סטייטמענט פון אַ האָספּיטאַל, וואו ער איז געווען לעצטען יאָר אַ פּאַציענט, דאָס ער האָט דאַמאָלס געליטען אויף אַן אַנדער קראַנקהייט ווי ס׳איז פאַרשריבען אין אונזערע רעקאָרדס (דער אָפיס האָט די קראַנקהייט פאַרשריבען לויט די סערטיפיקייטס וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרען נאָכ׳ן האָספּיטאַל טריטמענט). אַזוי ווי ער איז יעצט קראַנק אויף דער קראַנקהייט, וועלכע איז פאַרשריבען אויף אונזערע רעקאָרדס, איז באַשלאָסען געוואָרען צו ענדערען דעם רעקאָרד פון זיין פריערדיגער קראַנקהייט און אויסצאָלען אים פאַר דער יעצטיגער בענעפיט לויט אַ נייע קראַנקהייט.

די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע האָט לעצטענס באַזוכט אייניגע ספּעשעל מיטינגען פון ברענטשעס, וועלכע זיינען גערופען געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט דעם וואָס די דאָזיגע ברענטשעס האָבען לעצטען יאָר געקראָגען מער קראַנקען־בענעפיט ווי די סומע וואָס זיי האָבען איינגעצאָלט צום קראַנקען־בענעפיט פאָנד. אייניגע אַזעלכע ברענטשמיטינגען זיינען אויך אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיא.

באַריכט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. לעווויטאַן באַריכטעט, אַז עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרען אַ ליסט מיט בודזשעטען פאַר אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פאַר זייערע אויסגאַבען ביז דער קומענדער קאָנווענשאָן. די דאָזיגע בודזשעטען זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרען כדי צו זיין זיכער, אַז די הוצאות פון די פאַרשידענע קאָמיטעס זאָלען ניט איבערשטייגען דעם איינקונפט וואָס דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד וועט האָבען אין פאַרלויף פון דער צייט.

די באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע איז זייער טעטיג. זיי באַזוכען די ברענטשעס פון זייער דיסטריקט, און זיי האָבען אויך אַראַנזשירט אַ לעקטשור־פאָרום מיט פּראָמינענטע לעקטשורערס. די מילוואָקי דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען, אַז זיי אַרבעטען אויס פּלענער פאַר אַן ענערגישען קאַמפּיין צו שאַפען אַ פאָנד פאַר דעם רוסישען רעליף און פאַר דער חיברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

פר. דינערשטיין איז געווען פאַרטראָטען אין ניו־לאָנדאָן, וואו ער האָט געהאַט אַ מיטינג מיט די מיטגלידער פון ביידע ברענטשעס. ער האָט זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען פאַראייניגען אָט די ביידע ברענטשעס אין איין ברענטש. ער איז אויך געווען אין נאָרוויטש, קאָנ., און ער האָט זיך ביים מיטינג פון ברענטש דורכגערעדט וועגען אָרגאַניזאַציאָנס־אַנגעלעגענהייטען, ווי אויך וועגען שאַפען געלט פאַר רעליף־צוועקען. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו טרענספערירען אַלע מיטגלידער עט לאָרדזש צום דאָרטיגען ברענטש.

פר. סיימאָנס, דער דירעקטאָר פון קאַליפאָרניע סטייט, איז באַאויפטראָגט געוואָרען פון דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע צו באַזוכען די ברענטשעס פון קאַליפאָרניע, פאָרענדיג צוריק פון ניו־יאָרק. זיי האָבען געבעטען פאַר דעם צוועק $100 פאַר זיינע הוצאות. ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג און אַרונטערצורעכענען די סומע פון דעם בודזשעט פון זייער דיסטריקט קאָמיטע.

פר. סיימאָנס האָט אויך איבערגעגעבען אַ גרוס פון די ברענטשעס פון לאָס אַנדזשעלעס, וועלכע האָבען באַשלאָסען צו האַלטען דעם אַרבעטער־רינג ווייט פון פּראָקציאָנעלע רייסערייען, וואָס הערשען יעצט אין דער באַוועגונג.

אין בר. 620 איז פאָרגעקומען אַ סכסוך וועגען אַ מיטגליד, וועלכען זיי האָבען געוואָלט טרענספערירען. די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער ברענטש האָט ניט געהאַט גרונדען צו טרענספערירען דעם דאָזיגען מיטגליד. דער ברענטש האָט אַפּעלירט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע געגען באַשלוס פון דער סיטי קאָמיטע. אַ ספּעשעל מיטינג איז גערופען געוואָרען

פון בר. 620, און די פראגע איז געשליכטעט געוואָרען אויף א פריינדליכען אופן.

אין ספרינגפילד האָט דער בראַנטש ערווײלט 5 פאַרטרעטער צו דער אָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע, ניט אַכטענדיג דארויף וואָס די דיסטריקט קאָמיטע איז ערווײלט געוואָרען ביי דער קאָנפערענץ און ניט פון בראַנטשעס. אַזוי ווי ביי דער לעצטער קאָנפערענץ זיינען ניט אַלע בראַנטשעס פון דיסטריקט געוועזען פאַרטראָטען, האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען צו רופען א צווייטע קאָנפערענץ צו ערוויילען אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז אינסטאָלליישאָנס פון נייע בראַנטשעס מיט 50 אָדער מער מיטגלידער זאָל אַראַנזשירט ווערען מיט אַן אונטערנעמונג פון אַ. ר. קרעפטען. דער דאָזיגער באַשלוס איז פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע גוטגעהייסען געוואָרען.

פר. קרינסקי איז געוועזען פאַרטראָטען ביים מיטינג און קאָנצערט אין האָליאָק, מאַס. דער מיטינג איז געוועזען זייער גוט באַזוכט. רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

פ. נעליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

# אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע אַססן יערליכער באַריכט

פון מ. איוועסקי (פּרעזידענט דירעקטאָר)

די אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע אַסאָסיאיישאָן עקזיסטירט שוין אַ פּאָר יאָר. איר צוועק איז צו שאַפען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען צווישען אַ. ר. מיטגלידער. מיר פאַרווירקליכען אין לעבען דאָס, וואָס פילע אַ. ר. קאָנווענשאָנס האָבען אונז באַאויפטראַגט, פאַסענדיג רעזאָלוציעס פאַר קאָאָפּעראַציע.

קאָאָפּעראַציע קען באַטראַכט ווערען פון פאַרשידענע שטאַנדפּונקטען. דער אַרבעטער לויזט ניט נאָר אַלס פּראָדוצירער, נאָר אויך אַלס קאָנסומער. דורך קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען איז דאָ אַ מעגליכקייט אָפּצושאַפען אַ טייל פון עקספּלואַטאַציע, די פּראָפיטען פון פּאַראַזיטישען קלאַס פון פאַרמיטלער. אָבער דער וויכטיגסטער אויפטו פון קאָאָפּעראַציע איז די פּראַקטישע דערציאונג, וואָס דער אַרבעטער קריגט אין פאַרוואַלטען זיינע אייגענע געשעפטען. אין די איצטיגע אומרואיגע צייטען פון אַרבעטער־קאַמפען קען קאָאָפּעראַציע זיין ניצליך דעם אידישען אַרבעטער אין פילע הינזיכטען . . .

„כל התחלות קשות", זאָגט אַן אַלט שפּריכוואָרט, און מיר מוזען מודה זיין, אַז ביז אַהער קענען מיר פאַרצייכענען קליינע רעזולטאַטען. צוליב פאַרשידענע אורזאַכען האָט ביז אַהער די באַוועגונג געהאַט ווייניג ערפאָלג אין אַמעריקע, און דאָס איז געוויס איינע פון די סבות וואָס בלויז אַ טייל בראַנטשעס האָבען זיך אָפּגערופען אויף אונזערע אַפּילס צו סובסקרייבען זיך פאַר שערס, און נאָך צוויי יאָר אַרבעט איז אונז געלונגען צוזאַמענצוקלייבען אַן ערך פון 10 טויזענט דאָלאַר— אַ גאַנץ אומבאַדייטענדע סומע אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי ניו־יאָרק, וואו עס געפינען זיך איבער 40 טויזענט אַ. ר. מיטגלידער. אָנצופאַנגען גרויסע אונטערנעמונגען מיט אַזאַ סומע איז אוממעגליך. מיר האָבען דאָך באַשלאָסען צו טאָן עטוואָס פּראַקטישעס און מיר האָבען מיט דער סומע אָנגעפאַנגען אַ בעקעריי, און מיר האָפען דאָס די אַ. ר. מיטגלידער וועלען אונז העלפען צו מאַכען אונזער עקספּערימענט פאַר אַן ערפאָלג.

די בעקעריי אויף 1077 אינטערוויל עוועניו האָבען מיר אָפּגעקויפט פון דער אידישער בעקער יוניאָן. זי איז געבויט געוואָרען מיט אַ פולער האַנט און מיר האָבען דערפאַר באַצאָלט אַ מעסיגען פּרייז. דאָך האָט דער פּרייז באַטראָפען איבער 40 טויזענט דאָלאַר. די סומע וואָס מיר האָבען געזאַמעלט פון די שערס איז נאַטירליך ניט געוועזען גענוג צו דעקען די גרויסע קאָסטען. מיר האָבען דעריבער געפילט אַ מאַנגעל אין באַרעם געלט און דאָס האָט אונז פאַראורזאַכט פיל קאָפּ־דרייעניש און האָט אויך געפירט צו פאַרלוסטען.

ביזנעס האָבען מיר גראָד דעם יאָר געטאָן פאַר דער סומע פון צוויי הונדערט טויזענט דאָלאַר; מיר האָבען אָבער געאַרבעט אונטער זייער אומגינסטיגע אומשטענדען. מיר לעבען איצט איבער אין לאַנד אַ טאָפּעלטען קריזיס. די אַרבעטסלאָזיגקייט פון איין זייט און די הויכע פּרייזען פון פּראָספּעריטי אויף די נייטיגע לעבענסמיטעל פון דער צווייטער זייט. מיר האָבען גלייך אין אָנהייב אַרונטערגעלאָזען דעם פּרייז אויף ברויט פון 2 ביז 3 סענט און האָבען געצוואונגען דערמיט אַנדערע באָסעס נאָכצוטאָן אונז. אָבער דער האָלסייל פּרייז פון מעל איז טראָץ זיין וואַקעלדיגען כאַראַקטער געבליבען גאַנץ הויך. אָנצוגרייטען מעל אין די צייטען, ווען מעל ווערט ביליג, האָבען מיר ניט געקענט און מיר האָבען אַלע מאָל געמוזט צאָלען דעם פולען פּרייז. דאָס דערקלערט וואָס אין איניגע מאָנאַטען האָבען מיר געליטען אַ פאַרלוסט.

עס זיינען אויך דאָ אַנדערע אורזאַכען פאַרוואָס מיר האָבען געליטען דעפיציטען. אין די זומער־מאָנאַטען איז אין דעם בעקער־טרייד אַלע מאָל אַ שטילשטאַנד. עס איז אויך מעגליך, אַז אונזער אומערפאַרענהייט האָט בייגעטראָגען צו די פאַרלוסטען און אַ טייל פון די פאַרלוסטען דאַרף זיכער פאַרשריבען ווערען אויפ'ן חשבון פון „רבי־געלט". די הויפּט־אורזאַך איז נאַטירליך דאָס, וואָס אונזער אונטערנעמונג איז נאָך ניי, און יעדע נייע ביזנעס־אָרגאַניזאַציע אָסיגנירט אַ באַדייטענדע סומע אויפצובויען די ביזנעס, און אַזעלכע פאַרלוסטען ווערען אייגענטליך באַטראַכט אַלס אינוועסטמענט.

אונזער אָרגאַניזאַציע איז נאָך ניי. די בעקער־באָסעס שמעקט געוויס ניט וואָס אַזאַ אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט. אַז די בעקער־יוניאָן געווינט פיל אינדירעקט פון אונזער עקזיסטענץ איז זעלבסטפאַרשטענדליך. אין צייט פון סטרייק קען די בעקעריי לייכטען פיל דינסטען דער יוניאָן. ווי אומבאַדייטענד אונזער בעקעריי איז אין פאַרגלייך מיט דעם בעקעריי־טרייד אין אַלגעמיין איז, זי דאָך ווי אַ דאָרן אין דעם אויג פון פּריוואַטע אונטערנעמער. זיי זוכען מיט אַלע מיטלען פון אונז פּטור צו ווערען. לוידער קריגען מיר ווייניג שטיצע פון אַ. ר. מיטגלידער. אונזער לייבעל ווערט ווייניג געפאָדערט און דערריבער יוילען פיל גראָסערי־לייט אונזער ברויט ניט נעמען.

דערהוויל קענען מיר זיך אויך ניט באַרימען, דאָס אונזער אונטערנעמונג איז אַ קאָנסומערס פאַראיין. דאָס איינציגע וואָס מיר מוזען יע פאַר'ן קאָנסומער איז אין הינזיכט פון קוואַליטעט. אונזערע אַלע געבעקס זיינען סאַניטאַר. די אַלע שטאָפען אין אונזער געבעקס זיינען ריין פון אַלע שעדליכע צומישונגען. אונזערע חלות זיינען געבאַקט פון פרישע אייער, אונזערע ראָלס, אונזער ברויט אַנטהאַלטען די בעסטע מאַטעריאַלען. מיר האָבען אַ קורצע צייט געבאַקט „קייקס" און מיר האָבען דאָס געמוזט אויפגעבען, ווייל די גוטע מאַטעריאַלען האָבען אונז געקאָסט פיל געלט און מיר האָבען ניט געקענט קאָנקורירען אין פּרייז מיט אַנדערע, וועלכע טוען אַריין אין די „קייקס" אַלערליי שמוץ. געוויס ווערט דאָס געזונט פון אַרבעטער פאַרהיט דורך קאָאָפּעראַציע, אָבער מיר ווילען זיך דערמיט ניט באַגנוגענען. אונזער אויפגאַבע איז צו מאַכען אונזערע אונטערנעמונגען פאַר ריכטיגע קאָנסומערס אונטערנעמונגען.

פון דער טאַבעלע פאַר 9 מאָנאַטען, וואָס איז קאָמפּילירט פון די באַריכטען פון אונזער פּאַבליק אַקאַונטענט, מר. גאַלענסאָן, זעען מיר, אַז פאַר די 9 מאָנאַטען פון יאַנואַר ביז סעפּט. (סעפּט. אַריינגערעכענט) האָבען מיר געטאָן ביזנעס פאַר $151,801.94; געקאָסט האָט אונז די סחורה $66,669.42 פאַר רויע מאַטעריאַלען און עס מאַכט אויס 43.9%

| | | |
|---|---|---|
| 48,064.43 " | אַרבעטס־לוין | " " " 31.6 |
| 11,385.89 " | פעקטאָרי עקספּענסעס | " " " 7.5 |
| 6,829.40 " | אַלגעמיינע | " " " 4.5 |
| 19,884.92 " | פאַרטיילען די פּראָדוקטען | " 13.9 |

פאַר די 9 מאָנאַטען האָבען מיר געהאַט אַ פאַרלוסט פון $1,032.12. טראַכט מען זיך אַריין אין די ציפערען, זעט מען, אַז עס איז גאָר ניט געפערליך מיט אונזער אונטערנעמונג. צום נעקסטען יאָר קענען מיר רעכענען אויף ריוח. ווען די בראַנטשעס זאָלען אונז קומען צו הילף, צו מאַכען אונזערע אייגענע סטאָרס, קענען מיר שפּאָרען אין פאַרטיילען די פּראָדוקטען פון $200,000 ליווזונג, ניט ווייניגער ווי $28,000, אויסער די פאַרדינסטען פון די גראָסערי־לייט, וואָס באַטרעפט אויף $200,000, אומגעפער 40 טויזענט דאָלאַר. דאַבוי מוזען מיר באַמערקען, אַז אין מאַנכע מאָנאַטען האָט מעל געקאָסט 47%, און טאַקע אין די מאָנאַטען ווען מעל האָט אויסגעמאַכט בלויז פון 40 ביז 42 פּראָצענט האָבען מיר געהאַט פּראָפיטען. אין מאַי $1,391.97 און אין סעפּט. $898.50. עס קען אויך געשפּאָרט ווערען פון אַנדערע הוצאות, אָבער מיר מוזען האָבען געלט זיך צו קערעווען.

צו פאַרווירקליכען אונזער געדאַנק: „פון פּראָדוצירער גלייך צום קאָנסומער", האָבען מיר איבערגענומען די ווילקינס עוועניו סטאָר. צוליב פיל אורזאַכען האָבען מיר געהאַט גרויסע פאַרלוסטען. ווען מיר וואָלטען אָבער געהאַט גענוג געלט, וואָלטען מיר די סטאָר אָנגעהאַלטען. עס וואָלט זיך ענדליך באַצאָלט. אָבער אונטער די אומשטענדען זיינען מיר געווען געצוואונגען די סטאָר צו פאַרקויפען פאַר'ן קרן.

כדי צו קריגען געלט, לאָזען מיר אַרויס פאַר 25 טויזענט דאָלאַר דעבענטור באָנדס מיט 5 פּראָצענט אינטערעסט. די גאַנצע סומע פון די באָנדס וועט זיך אָפּצאָלען אין 5 יאָר. יעדעס יאָר וועט 5 טויזענט דאָלאַר אויסגעצאָלט ווערען. פון די בראַנטשעס איז אָפּהענגיג צו מאַכען דעם פּלאַן פאַר אַן ערפאָלג.

אויף אַ פאַר־קאָנפערענץ, פאַררופען פון טעטיגע מיטגלידער, איז באַשלאָסען געוואָרען צו שאַפען אַ קאָנטראָל קאָמיטע פון בראַנטשעס מיט ווערטאָ־רעכט. דער צוועק איז צו געבען די בראַנטשעס אַ מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען די טעטיגקייט פון די דירעקטאָרען.

מיר זיינען אין אָמט פון דזשולאַי אָן. מיר האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס, לויט אונזער פאַרשטאַנד, צו מאַכען די קאָאָפּ. פאַר אַן ערפאָלג. עס זיינען געוועזען צייטען, וואָס מיר האָבען געמיטינגט 4 מאָל אַ וואָך. עס מוז אָבער געזאָגט ווערען, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אין גאַנצען פאַרנאַכלעסיגט די אַרבעט. עס איז אויך פאַראַן אויסצוזעצען געגען אַנדערע קאָמיטעס.

דער סך־הכל אָבער איז, אַז אונזער אונטערנעמונג איז אויפ'ן וועג צו ערפאָלג. נאָך אַביסעל אָנשטרענגונג און מיר קענען מאַכען אונזער קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי פאַר אַ מוסטער. עס וועלען זיך פאַרמערען גענוג כחות. קיין זאַך פאַלט ניט אַראָפּ פון הימעל. מען מוז אַרבעטען. פון דעם ערפאָלג פון דער בעקעריי איז אָפּהענגיג דער וויטערער גאַנג פון קאָאָפּעראַציע צווישען די אידישע מאַסען.

# פון אונזער קאָרעספאָנדענץ-טיש

## סאָוט־איסטערן א. ר. קאָנפערענץ

די קאָנפערענץ ווערט ערעפענט זונטאג דעם 4־טען דעצעמבער, 12 א זייגער בייטאג. פר. מ. פרימען, פּאַרזיצענדער; נ. בערג, אטלאנטא, צייטווייליגער סעקרעטאר. ער ערעפענט די קאָנפערענץ מיט א קורצער און שיינער רעדע.

עס ווערען פארגעלעזען באגריסונגס־טעלעגראמען פון: פר. מ. שייער, אבוועזענדער דעלעגאט בר. 383, סאוואנאה, דזשא.; בר. 207, אטלאנטא; בר. 441, דזשעקסאנוויל, פל.; בר. 312, מעמפיס, טענ., און אטלאנטא א. ר. פרויען־קלוב.

פר. מ. בלענק, אטלאנטא, ווערט ערוויילט פארזיצענדער, און איבערנעמענדיג דעם פּאָרזיץ באַגריסט ער די קאָנפערענץ אין דעם נאמען פון דעם איד. סאצ. בר. פון אטלאנטא און זאגט דאס דער א. ר. איז באגאנגען א גוואלדיגע אומרעכט אריינרייסענדיג זיך אין דער איד. סאצ. פעד. מיט א באשטימטער מיינונג צו א געוויסען פליגעל, און די האנדלונג וועט ברענגען פיל שאדען דעם א. ר., סיידען די א. ר. מיטגלידער וועלען עס פארהיטען אין צייט. ער אפעלירט ניט צו יאגען זיך נאך ריינע קאסעס אין די ברענטשעס, נאר נאך גייסטרייכע אינסטיטוציעס, ווי לייברעריס, לעקציעס, א. ר. קינדער־שולען און א. ר. היימען.

עס ווערט באשלאסען צו שיקען א באגריסונג־טעלעגראמע צו גענ. דעבס, דעם מארטירער פון קאפיטאליסטישער ארדענונג, אויך א באגריסונג־טעלעגראמע צו דער קאָנפערענץ פון דער איד. סאצ. פעדעראציע, צו באגריסען טעלעגראפיש דעם מאס־מיטינג אפגעהאלטען און אראנזשירט פון אטלאנטא א. ר. ברענטש, פאר א דרייוו פאר סאוויעט־רוסלאנד רעליף.

פאלגענדע קאמיטעס ווערען ערוויילט: 1) סעקרעטאריאט, נ. בערג, אטלאנטא; י. לעווין, טשאטאנוגא. 2) רעזאלוציאנס קאמ., נ. בערג, אטל.; ה. אפעלבוים, סאוואנאה; ל. שעוויטש, דזשעקסאנוויל; פיליפ בלאק, מעמפיס. 3) ארגאניזאציאנס און בילדונג קאמ., מ. ראז, אטל.; נ. סאקאל, בוירמינגהעם; ס. ראטשטיין, מעמפיס; מ. בלענק, אטל.; ב. בערלין, דזשעקס. 3) קרעדענטעל קאמ., ד. י. פרעס, טשאטאנוגא; ט״ש. פארבער, מעמפיס; ראזא זינקאף, אטלאנטא א. ר. פרויען־קלוב.

אויף דער צווייטער זיצונג איז פארזיצענדער פר. פ. בלאק, מעמפיס. ער באגריסט די קאָנפערענץ אין נאמען פון זיין ברענטש און זאגט דאס די לעצטע קאָנפערענץ האט פאראייניגט אלע ברענטשעס אין איין פאמיליע, אזוי אז די אינטערעסען פון דער גאנצער א. ר. פאמיליע ווערט העכער געשטעלט פון דעם לאקאלען פאטריאטיזם, און דאס עס איז שוין געקומען די צייט, אז דער א. ר. זאל זאגען זיין ווארט אין יעדער געזעלשאפטליכער און סאציאלער ארבעט.

קרעדענשעל קאמ. באריכטעט, אז עס זיינען פארטראטען 13 דעלעגאטען פון 6 ברענטשעס, 6 שטעט און 4 סטייטס, 1 דעלעגאט פון א. ר. פרויען־קלוב, אטל., 2 פראטוירנעל דעל., 1 פון אטל. איד. סאצ. בר. און דיסט. סעק. דער באריכט ווערט איינשטימיג אנגענומען.

פאלגענדע זיינען די נעמען פון די דעלעגאטען: אטלאנטא בר. 207, נ. בערג, מ. בלענק, מ. ראז; ראזא, זינקאף, א. ר. פרויען־קלוב: מעמפיס, טענ., בר. 312, פ. בלאק, ט״ש. פארבער, ס. ראטשטיין; בוירמינגהעם אראבאמא, בר. 303, נ. סאקאל, י. נארבער; סאוואנאה, דזשא., בר. 383, ה. אפעלבוים; דזשעקאנוויל, פלא., בר. 441, ב. בערלין, ל. שעוויטש; טשאטאנוגא, טענ., בר. 495, דזש. פרעס, י. לעווין; פראטוירנעל דעל., מ. בלענק, מ. פרימען.

דער דיסט. סעקר. שטעלט זיך אפ אין זיין באריכט אויף די שווערינקייטען וואס עס זיינען באגעגענט געווארען ביי דעם בילדונגס־סעק. צו אראנזשירען לעקטשורס. עס פאלגט אן אינטערעסאנטע דעבאטע, אין וועלכער עס האבען זיך באטייליגט בלענק, ראזו, בערג, שעוויטש און פרימאן, און נאכדעם ווי דער ד. סעק. ענטפערט אויף פארשידענע אנפראגען ווערט די צווייטע זיצונג געשלאסען.

די דריטע זיצונג, מאנטאג, עפענט זיך אונטער דע פארזיץ פון פר. ראטשטיין, מעמפיס, טענ.

פר. בלאק, מעמפיס, באריכטעט אין נאמען פון דער רעז. קאמ. פאלגענדע רעזאלוציעס:

מיר, די ס. א. ט. ק. דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו דעם פיליידענדען רוסישען פאלק אין זיין גרויסען אומגליק, וועלכער שטאמט אויך פון דער רעאקציאנערער פאליטיק פון אלע לענדער אין בעצוג צו רוסלאנד, און אפעלירען צו אלע דענקענדע מענטשען מיטווירקען, אז די אמעריקאנער רעגירונג זאל גלייך אנערקענען די רעגירונג פון סאוויעט־רוסלאנד און אנפאנגען האנדעלס־באציאונגען. איינשטימיג אנגענומען.

2) מיר אינדארסירען די האנדלונג פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמ. פון א. ר. פאר דעם אפיל צו אלע ברענטשעס פון לאנד צו מאכען דרייווס פאר סאוויעט־רוסלאנד. ב) מיר פאדערן אויף די ברענטשעס פון ס. א. ט. אזעלכע דרייווס דורכצופירען. ג) באשליסען אויך, אויב וועלכע מיטגלידער גיבענדיג זייער ביישטייערונג וועלען פארלאנגען אז זייער סומע זאל גיין ספעציעל פאר אידען אין סאוויעט־רוסלאנד, זאל עס אזוי אפגעשיקט ווערען אין דזש. אפיס פון א. ר. ד) מיר פאדערן אויך אויף די ברענטשעס צו ווערען טעטיג אין די פאלקס־הילף קאמיטעס און גרינדען דארט, וואו זיי זיינען ניט פאראן, מיט אנדערע ראדיקאלע ארגאניזאציעס, און דארט וואו מען קען ניט גרינדען אזעלכע, זאל דער ברענטש אליין טאן די ארבעט. איינשטימיג אנגענומען.

3) אנערקענענדיג דעם פאקט, דאס דער א. ר. אידעאל איז א הארמאנישע צוזאמענשמעלצונג פון פארשידענע ראדיקאלע ריכטונגען, פראטעסטירען מיר העפטיג קעגען דער האנדלונג פון דער נאצ. עקזעק. קאמיטע פאר איר אריינמישען זיך אין דעם פארטיי־קאמף פון דער איד. סאצ. פעדעראציע. ב) מיר פארפליכטען זיך צו טאן גוטע סאציאליסטישע ארבעט, אפגעזען פון וואס פאר א ריכטונג. איינשטימיג אנגענומען.

4) מיר, די ס. א. ק., פראטעסטירען קעגען דער נאצ. עקזעק. קאמיטע פון א. ר. פאר איגנארירען אונזער קאָנפערענץ, וועלכע איז אפגעהאלטען געווארען דעם 4־טען און 5־טען סעפטעמבער אין טשאטאנוגא. ב) אין פאל די נאצ. עקז. קאמ. וועט זיך אנטזאגען צו פארהאנדלען וועגען מאראלע און פינאנציעלע הילף צו אונזער נעוועזענער קאָנפערענץ, זאל דער ד. ס. אויפפאדערן אלע ברענטשעס פון אונזער טעריטאריע צוריק צו שיקען צום דזש. אפיס אלע קארעספאנדענץ ניט פארהאנדלענדיג זיי ביים מיטינג. איינשטימיג אנגענומען.

### ארגאניזאציאנס און בילדונגס ארבעט.

דיסטריקט קאמיטע: 1) עס ווערט באשלאסען, אז דער ד. ס. זאל אלע זיינע פארבינדונגען מיט די ברענטשעס דורכפירען דורך די קארעספאנדינג סעקרעטארען פון די ברענטשעס. א) די קארעספאנדענץ פון דיסט. סעק. מוז געלעזען ווערען ביי די מיטינגען. אויב נייטיג זאלען גערופען ווערען ספעציעלע מיטינגען. ב) די סעקרעטארען מוזען אויך לאזען וויסען די מיטינגען וועגען זייערע ענטפערס צום ד. ס.

פליכטען פון ד. ס.: 1) דער ד. ס. דארף פון צייט צו צייט צושיקען אנפראגען צו די ברענטשעס וועגען זייער צושטאנד אין יעדען צווייג פון זייער טעטיגקייט און דעם צונויפגעזאמעלטען מאטעריאל אפדרוקען און דעם רעזולטאט לאזען וויסען אלע ברענשעס. 2) ווען א ברענטש ווערט שוואך, איז עס די פליכט פון ד. ס. צו לאזען וויסען דעם נאענטסטען ברענטש און אויפפאדערן אז ער זאל צושיקען א פאסענדען פערזאן צו געבען די נייטיגע הילף. 3) דער סעק. דארף אויך אראנזשירען א לאקאלע רעדנער־ביורא, דורך וועלכע מען זאל קענען אראנזשירען טורס איבער די ברענטשעס. 4) דער ד. ס. דארף זיך קארעספאנדירען מיט דעם דזש. אפיס פון א. ר. וועגען אלע באדערפנישען פון ס. א. ט. 5) דער ד. ס. דארף אויפמונטערן און געבען אינפארמאציעס וועגען גרינדען לייברעריס, קינדער־שולען, לייסעאומס, א. ר. פרויען־קלובס, פאלקס־הילף קאמיטעס, און דרייווס פאר נייע מיטגלידער. 6) ער דארף צוגרייטען און אריינברענגען נייע רעקאמענדאציעס אין די ברענטשעס צו דיסקוטירען וועגען דעם טאג־ארדענונג פון דער קומענדער קאָנפערענץ. 7) דער ד. ס. דארף אראנזשירען לעקטשור־טורס און האט דאס רעכט צו באשטימען די דאטומס און די סומען געלט פון די לעקציעס פאר די ברענטשעס. ב) א ברענטש האט דאס רעכט אין משך פון פינף טעג צייט צוריקצואווייזען א לעקציע, אבער מוז אויך אנגעבען גענויע אורזאכען ווארום די לעקציע איז צוריקגעוויזען געווארען. עס ווערט אויך פארשטאנען און אנערקענט, אז די דורכפירונג פון לעקציעס איז ביי אונז איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאבען, און דאס רעכט פון צוריקציען זיך אין 5 טעג צייט זאל בלויז באנוצט ווערען אין ערנסטע פאלען. ג) אננעמען אדער צוריקווייזען א לעקציע זאל זיין מיט דער צושטימונג פון א ברענטש־מיטינג אדער א באפאלמעכטיגטע פאר דער קאמיטע. 8) דער ד. ס. איז פארפליכטעט צו פארען אלס פראטוירנעל דעלעגאט צו דער קומענדער קאָנפערענץ, אפגעזען פון דער בארעכטיגטער צאל דעלעגאטען פון זיין ברענטש וואו ער איז א מיטגליד.

באשלאסען דער ד. ס. זאל קריגען פופציג דאל. פאר די נייטיגע אויסגאבען פאר דעם קומענדען יאר. דער ד. ס. זאל טאן אלעס מעגליכעס צו ארגאניזירען נייע ברענטשעס אין ס. א. ט.

1) באשלאסען צו אפעלירען צו די ברענטשעס צו ארגאניזירען א. ר. פרויען־קלובס. ב) דעלעגאטען צום ס. א. ט. ק. מיט באשטימונגס־רעכט האבען בלויז די א. ר. פ. ק., וועלכע נעמען אריין אין זייער מיט בלויז מעמבערינס אדער פרויען פון מעמבערס פון א. ר. איין א. ר. פ. ק. קען זיין פארטראטען ביי דער קאנפ. מיט 1 דעל. מיט באשטימונגס־רעכט. 2) באשלאסען אז די קומענדע ס. א. ט. ק. זאל אפגעהאלטען ווערען אין דזשעקסאנוויל, פלארידא. 3) באשלאסען די גאנצע סומע בארעכטיגטע אויסגאבען פון די א. ר. ברענטשעס דעלעגאטען צו דער דריטער יערליכער קאָנפערענץ ווערען צעווארפען איבער די ברענטשעס לויט זייער צאל מיטגלידער. ב) די אויסגאבען פון דעם ד. ס. ווערען אויך אזוי צעטיילט. 4) א ברענטש איז בארעכטיגט צו איין דעלעגאט פאר יעדע 50 מיטגלידער. 5) דער נעקסטער דעלעגאט צו דער. יערליכער א. ר. קאנווענשאן זאל זיין פון סאוואנאה, דזשא., בר. 383, לויט דעם פריערדיגען אפמאך. ב) דער דעלעגאט זאל זיך ווענדען צום ד. ס. וועגען אינפארמאציעס. 6) די מאנאטען נאוועמבער און דעצעמבער זאלען זיין פון קאמפיין פאר נייע מיטגלידער. דער ד. ס. זאל ארויסהעלפען דעם קאמפיין מיט ליטעראטור און פרעסע. 7) עס ווערט אנערקענט, אז א. ר. קינדער־שולען און לייברעריס זיינען די וויכטיגסטע נויטווענדיגקייטען, און די ברענטשעס זאלען אנווענדען אלע קרעפטען אזעלכע צו שאפען.

פערטע זיצונג עפענט זיך מיט ב. בערלין, דזשעקסאנוויל, פארזיצענדער.

פראטאקאלען פארגעלעזען און גוטגעהייסען.

### באריכט פון די ברענטשעס

מ. ראז, מ. בלענק, נ. בערג, אטלאנטא, באריכטען, אז אטלאנטא בר. 207 פארמאגט א לייסעאום, לייברערי, א. ר. קינדער־שולע, א פאלקס־הילף קאמ. און טוט אין אלע ריכטונגען אינטענסיווע ארבעט, ניט אויסגעשלאסען סאציאליסטישע ארבעט. די ארבעט ווערט געטאן אויף א פלאנמעסיגען אופן. עס ווערט ערוויילט אן עקזעקוטיוו קאמיטע פון 25 מיטגלידער, און די קאמ. טיילט זיך איין אין פארשידענע דעפארטמענט קאמיטעס און די אלע קאמיטעס מוזען איין מאל א מאנאט צוזאמענקומען זיך און באריכטען זייער ארבעט און דעם צושטאנד פון זייערע דעפארטמענטס. איין מאל א יאר ווערט געמאכט א באל, וועלכער טראגט אריין ארום טויזענט דאל., וועלכע ווערען צעטיילט, 75 פראצענט פאר דעם לייסעאום, 15 פראצענט פאר דער לייברערי און 10 פראצענט פאר פאלקס־הילף. איין מאל א יאר ווערט געמאכט א פיקניק פאר דער א. ר. קינדער־שולע. איין מאל א יאר ווערט געמאכט א גרויסער דרייוו פאר דער פאלקס־הילף קאמ., וועלכע טראגט אריין א היבשע סומע געלט. דורך דעם יאר ווערען אויך געמאכט פארשידענע קלענערע דרייווס, ווי פאר דער סאציאליסטישער פארטיי, ראדיקאלער פרעסע, און אנדערע געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען סימפאטיש דעם א. ר. עס ווערען אראנזשירט לעקטשורס, וועלכע זיינען נאר מעגליך צו קריגען. די מיטגלידער צאלען אויך א טעקס פאר דער א. ר. קינדער־שולע, $1 פער קווארטאל. די קאסעס אין אלע קאמיטעס זיינען ניט נאר פוסט, נאר יעדע קאמיטע איז שולדיג א סך געלט, דאך שטעלט עס ניט אפ די ארבעט. די שולע איז יעצט אין א בעסערן צושטאנד. זי פארמאגט ארום 60 קינדער און זי האלט זיך אין אנטוויקלען.

זיי באדאנקען אויך אין דעם נאמען פון דער שול־קאמ. די ברענטשעס, וואס האבען זיך אפגערופען אויף דעם אפיל נאך שטיצע צו דער א. ר. שולע.

פר. ראזא זינקאף, אטל., באריכטעט, אז די א. ר. פ. ק. טוט אויף א סך ארבעט. זיי פאראינטערעסירען די פרויען צו נעמען אן אנטייל אין אלע ארבעטען פון א. ר. ברענטש, אגיטירען צווישען די פרויען, און מיט ערפאלג, זיי זאלען ווערען מיטגלידער אין א. ר., האבען פארשטייער אין אלע קאמיטע פון ברענטש, און שאפען פאנדען דורך אייגענע אונטערנעמונגען פאר די א. ר. אינסטיטוציעס. זיי האבען אויך דורך דעם יאר אראנזשירט אייניגע לעקטשורס מיט היגע קרעפטען.

פר. י. נארבער, נ. סאקאל, בוירמינגהעם בר. 303, באריכטען, אז כאטש זייער ברענטש איז פיל קלענער פון אטלאנטא ברענטש, דאך שטייען זיי ניט אפ אין דער ארבעט. פיל קרעפטען האט ביי זיי צוגענומען די שטיצע צו דריי קאנסאמפטיוו מיטגלידער, וועלכע זיי האבען געהאט אין ברענטש. טוען אויך פיל פאר דער פאלקס־הילף, אראנזשירען לעקטשורס און יעצט ארבעטען זיי שטארק פאר אן אייגענער היים. זיי האבען שוין אריינגענומען 15 הונדערט דאל. אין קעש, און קלייבען ווייטער, אזוי אז אין גיכען וועלען זיי פארמאגען אן א. ר. לייסעאום.

פר. אפעלבוים, סאוואנאה בר. 383, באריכטעט, אז זייער ברענטש פארמאגט בלויז 65 מיטגלידער, דאך שטייען זיי ניט אפ אין טעטיגקייט פון אנדערע גרעסערע ברענטשעס. די גרעסטע שטערונג וואס זיי האבען איז די ניט־מעגליכקייט צו קריגען א פאסיגען האל פאר זייערע מאסמיטינגען און לעקטשורס. דאס ניט קענען קריגען א האל שטאמט פון דעם וואס די לייטע פון וועלכע מען דארף רענטען דעם האל זיינען פיינדליך צום א. ר., אלס צו א ראדיקאלע ארגאניזאציע. דאך געלינגט זיי אפט צו אראנזשירען ערפאלגרייכע לעקטשורס, דורך דער פריינדליכקייט פון אייניגע איינפלוסרייכע אידען צו קריגען די שול פאר א לעקטשור. דער לעצטער רעליף דרייוו האט אריינגעבראכט אריבער 700 דאלער.

פר. בלאק, ראטשטיין, פארבער, מעמפיס, טענ., בר. 312, באריכטען, אז זיי האבען א גוטען געזעלשאפטליכען ברענטש, און אן אמת'דיגע פריינדליכע באציאונג צווישען די מיטגלידער. זייערע מיטינגען ווערען גוט באזוכט, און מען גיט זיך פיל אפ מיט דיסקוסיעס פון געזעלשאפטליכען כאראקטער. זיי האבען געמאכט א דרייוו פאר אן א. ר. לייסעאום, וועלכער האט אריינגעבראכט $5000 אין קעש און $4000 צו קאלעקטען. זיי האבען אויך געגרינדעט א לייפאנד פאר מיטגלידער מיט א

קעפיטאל־סטאק פון $3500, וועלכער לייהט אויס צו מיטגלידער ביז $100. זיי האבען אויך געשאפען א פאנד פון $2000 פאר דעם אידישען שטאטישען האספיטאל, מיט דאס רעכט צו האבען א שטימע אין דעם פארוואלטונגס־ראט, און האבען א באזונדערן צימער פאר א. ר. מיטגלידער. זייער פרויען־קלוב איז אויך טעטיג. דער קלוב האט זיך אונטערגענומען צו שאפען א פאנד פון $2000 פאר דעם א. ר. לייסעאום, פון וועלכע $700 איז שוין קאלעקטירט געווארען. די א. ר. קינדער־שולע, וועלכע זיי האבען געהאפט צו האבען, און אין וועלכע עס זיינען שוין געווען פארשריבען 57 קינדער, איז צעפאלען געווארען צוליב דער האנדלונג פון דעם סעק. פון דער שול־קאמ., וועלכער איז געווען אן אנהענגער פון א פאלקס־שול, און וועלכער האט, מיסברויכענדיג זיין אמט, אבזיכטליך צערשטערט די שולע, וועלענדיג ארויפצווינגען א לערער, וועלכען די א. ר. שולע קען ניט אנערקענען. אבער זיי האפען זי קירצליך צוריק אויפצובויען. דער לעצטער דרייוו פאר דער פאלקס־הילף האט אריינגעבראכט $600, א חוץ צונעזאגטע מאנאטליכע צאלונגען.

פר. סעוויטש, בערלין, דזשעקסאנוויל, פלא., בר. 441, באריכטעט, אז זייער ברענטש געפינט זיך יעצט אין דער לאגע פון א פארוואונדעטען סאלדאט אויף דעם שלאכטפעלד, ארומגערינגעלט פון שונאים פון אלע זייטען, און צו דעם האט געבראכט די שענדליכע האנדלונג פון י. מערלים, סעקרעטאר פון ברענטש, וועלכער האט צוגענומען פון קאסע $660, די גאנצע סומע קאלעקטירט צו באצאלען פאר א „גאוט" אויף דעם „לאט", אויף וועלכען עס איז שוין געווען איינגעצאלט $2100 פאר אן א. ר. לייסעאום. די שענדליכע טאט האט טיף פארוואונדעט דעם ברענטש ניט נאר צוליב דע געלט־פארלוסט, נאר דאס האט געגעבען די שונאים פון א. ר. א געלעגענהייט נאך מער צו באשמוצען דעם גוטען נאמען פון ברענטש און זען טיף פארוואונדעט דעם ברענטש ניט נאר צוליב נייע דרייווס פאר דעם לייסעאום ווערען נעמאכט, און אפעלירען צו די ברענטשעס, אז מען זאל זיי ארויסהעלפען. עס איז אויך געמאכט געווארען א דרייוו פאר אן א. ר. קינדער־שולע, וועלכע האט אריינגעבראכט $200. א חוץ די געלט־דרייווס פאר דער פאלקס־הילף, איז געמאכט געווארען א דרייוו פאר קליידער, פון וועלכען מען האט געזאמעלט קליידער אין ווערט פון 15 טויזענט דאל. זיי האבען אויך געמוזט שטיצען א פאמיליע פון א פארשטארבענעם מיטגליד. האבען אויך א פרויען־קלוב, וועלכער טוט גוטע ארבעט.

פר. לעווין, דזש. פריען, פרימען, טשאטאנוגא, טענ., בר. 95, באריכטעט- אז דער ברענטש טוט ארבעט אין אלע ריכטונגען און ווערט וואס ווייטער אלץ שטארקער אויף צו להכעיס דעם נאציאנאליסטישען פליגעל, וועלכע געגעבען זען דעם א. ר. ברענטש אין א ברענטש פון נאצ. ארב. פארבאנד. זיי נעמען אויף אלע סאציאליסטישע לעקטשורערס, שטרעבען צו בילדען א לייסעאום. אין זעם לעצטען דרייוו פאר דעם לייסעאום איז געפלעדזשט געווארען $6000, פון וועלכע $700 זיינען שוין קאלעקטירט. ארבעטען אויך פאר דער פאלקס־הילף, און שטרענגען אן אלע קרעפטען צו גרינדען אן א. ר. קינדער־שולע. לאזען אויך וויסען, אז מארגען אווענט וועט דא געגרינדעט ווערען אן א. ר. פרויען־קלוב.

עס ווערט באשלאסען, אז דער רעפערענדום פון די באשלוסען זאל זיך שליסען ניט שפעטער פון דעם 25־טען אקטאבער 1921. עס ווערט איינשטימיג אנגענומען א רעזאלוציע צו באדאנקען: דער אראנדזשמענט קאמיטע פון טשאטאנוגא בר. פאר איר שווערער ארבעט צו מאכען די קאנפערענץ אזוי איינדרוקספול און ערפאלגרייך. א באזונדער דאנק ווערט אויסגעדריקט צו אלע מיטגלידער פון טשאטאנוגער ברענטש פאר דער אויסערגעוויינליכער גאסטפריינדשאפט צו די דעלעגאטען. עס ווערט אויך באדאנקט דער סעקרעטאריאט פאר זיין גוטע ארבעט.

נ. בערג, אטל., ווערט איינשטימיג ערוויילט אלס דיסטריקט סעקרעטאר פאר דעם יאר 1921־1922 ביז דער קומענדער קאנפערענץ. און פ. בלאק, מעמפיס, אלס געהילפס־סעקרעטאר, וועלכער וועט זיין פארפליכטעט צו העלפען דעם ד. ס. אין זיין ארבעט, ווען דער ד. ס. וועט עס פארלאנגען. ער נעמט אויך איבער דעם אמט פון ד. ס., ווען דער ערוויילטער ד. ס. רעזיגנירט אין מיטען פון זיין טערמין.

אויפ'ן באנקעט, וועלכער איז געווארען גרויסארטיג צוגעגרייט פון דעם טשאטאנוגער ברענטש, זיינען געהאלטען געווארען ווארעמע שלום־רעדעס. דער לעצטער האט גערעדט פר. פרימאן און האט געשלאסען מיט באגייסטערטע ווערטער די קאנפ.

י. לעווין, נ. בערג, סעקרעטאריאט.

## נעבראסקא און אייאווא דיסטריקט קאנפ.

די קאנפ. האט זיך געעפענט דעם 4־טען סעפט. אין דער פרי. נאכדעם ווי פר. קאפלאן, דיסטריקט סעק., עפענט די קאנפערענץ, ווערען ערוויילט: רובינשטיין אלס טשערמאן, נ. הילל, סעק., פר. קאפלאן און ס. לערנער אלס קרעדענשעל קאמיטע. עס זיינען פארטראטען: בר. 170, דע־מאינס, אישעראוו; 186, סיו־סיטי, פ. קאפלאן; 173, אמאהא, זעליקאוו, רובין יאניש; 258, ס. אמאהא, רובינשטיין, ווארזול און קאטצמאן; 348, לינקאלן, ב. אייבראמס, ב. ראזענבערג, נ. הילל; 626, אמאהא, לערנער שטיין און וואלף.

טאג־ארדענונג: 1) ראל־קאל. 2) פראטאקאל פארלעזען. 3) רעפארט פון סעק. 4) רעפארט פון ברענטשעס. 5) טעטיגקייט פון דיסטריקט. 6) הילף פאר סאוויעט־רוסלאנד. 7) א. ר. שולען. 8) פינאנסירונג פון דיסטריקט. 9) די שטעלונג פון א. ר. צו דער ס. פ. 10) וואלען פון באאמטע. 11) צייט און פלאץ פון נעקסטער קאנווענשאן. 12) וואויל און בעסטען.

דער טשערמאן פאדערט אויף די דעלעגאטען אויפצושטעלען זיך צו דער ערע פון די פארשטארבענע מיטגלידער.

דער דיסטריקט סעק., פר. קאפלאן, גיט איבער א זייער אינטערעסאנטען און גרינטליכען איבערבליק איבער דער ארבעט פאר'ן פארגאנגענעם יאר און רופט די דעלעגאטען צו אן ערנסטער באטראכטונג פון די פראגען, וואס שטייען אויפ'ן טאג־ארדענונג.

עס ווערען אויסגעהערט די באריכטען פון די ברענטשעס. די ברענטשעס 173 און 258 באריכטען אויספירליך וועגען זייער טעטיגקייט. אבער אלע באקלאגען זיך, אז די מיטינגען ווערען שוואך באזוכט און זיי זיינען נישט גענוג אינטערעסאנט. אין אלגעמיין אבער באריכטען אלע ברענטשעס, אז זיי זיינען טעטיג פאר דעם יעצטיגען קאמפיין פון סאוויעט־רוסלאנד אדער מלחמה־ליידענדע. אמאהא ברענטשעס ספעציעל האבען געזאמעלט מער ווי $300 פאר דעם האספיטאל אין סאוויעט־רוסלאנד, אויך מאכען זיי א „דרייוו" פאר $3000 פאר די הונגער־ליידענדע אין סאוויעט־רוסלאנד. דאס זעלבע אויך סיו־סיטי און לינקאלן, וועלכע האבען דערווייל געמאכט פיקניקס, אבער נייען ווייטער אן מיט דער ארבעט. די איינציגע, וואס האט נאך גארנישט געטאן, איז דעמאינס, וועגען וועלכען ברענטש די קאנפערענץ האט שפעטער גענומען מיטלען.

פר. לערנער ווערט ערוויילט אלס טשערמאן פון דער צווייטער זיצונג.

אויף דער צווייטער זיצונג זיינען געשטעלט געווארען פיל אינטערפעלאציעס צום סעקר. און א לעבהאפטע דיסקוסיע איז אנטשטאנען וועגען א גאנצע רייע פראגען, ווי איבער די פרינציפען פון א. ר., די מיטגלידערשאפט־קאמפיינס. אין די הויפט יסודות פון א. ר. אין די דעבאטען האבען זיך באטייליגט לערנער, רובינשטיין, וואלק, סילווער און היל.

עס ווערט באשלאסען צו ערוויילען א קאמיטע פון 6, וועלכע זאלען צוזאמען מיט דעם דיסטריקט סעקר. האבען די אויפגאבע צו ארגאנזירען לעקציעס און אויך באזוכען די ברענטשעס פאר ארגאניזאציאנס און אגיטאציאנס ארבעט. עס ווערען ערוויילט: אשעראוו, זעליקאוו, פאול קאפלאן, רובינשטיין, נ. היל און לערנער. עס ווערט אויך באשלאסען, אז דער סעקר. זאל אויפפאדערען אלע ברענטשעס צו ארגאניזירען גלייך קאמפיינס פאר רוסישען רעליף. עס ווערט אויך באשלאסען צו ארבעטען ענערגיש פאר דער גרינדונג פון נייע א. ר. שולען, און די 6־ער קאמיטע זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט די ברענטשעס און העלפען ווי ווייט מעגליך אזעלכע צו שאפען. אויך ווערט באשלאסען, אז דער דיסטריקט סעקר. זאל שיקען בילס צו יעדען ברענטש ביי אנפאנג קווארטאל פאר די 10־סענטיגע פון יעדען מיטגליד. אזוי ווי דאס געלט איז ווייט נישט גענוג אנצוגיין מיט דער ארבעט, ווערט ערוויילט א קאמיטע פון 2, פון פר. חיסין און היל, צו שרייבען אין גענ. אפיס נאך די נייטיגע פינאנציעלע מיטלען.

וועגען דער שטעלונג פון דער נאצ. עקזעקוטיווע צו דעם קאנפליקט פון דער אידישער פעדעראציע צו דער ס. פ. איז נאך א לאנגער דעבאטע, וואו די שטימען האבען זיך צעטיילט גלייך אויף גלייך, קיין רעזאלוציע נישט ארויסגעטראגען געווארען.

פר. קאפלאן ווערט ווידער ערוויילט אלס דיסט. סעקר. ביז צום סוף יאר, אויף ווען עס ווערט באשטימט די נעקסטע קאנפערענץ.

פר. חיסין איז געווען דער טשערמאן פון דער דריטער זיצונג. עס זיינען אויסגעהערט געווארען עטליכע באגייסטערנדע באריכטען וועגען דער טעטיגקייט פון די אמאהער ברענטשעס אויפ'ן געביט פון רעליף. עס ווערען דערנאך אנגענומען א גאנצע רייע רעזאלוציעס וועגען א קאמיטע פאר שריפטליכער פראפאגאנדע, וועגען סיטי קאמיטעס, וועגען פארשפרייטען א צירקוליאר וועגען דער וויכטיגקייט פון דער דיסטריקט קאמ., וועגען דער וויכטיגקייט צו גרינדען א. ר. שולען אין לינקאלן און אמאהא און וועגען דעם קאמפיין פאר'ן האיאס.

די קאנפערענץ האט אין אלגעמיין אויפגעמונטערט די דעלעגאטען און זיי זיינען זיך צעפארען מיט א טיפען גלויבען אין דער ארבעט.

נ. הילל, סעקר. פון קאנפ.

## רעזאלוציע פון בר. 251

ביי א גוט באזוכטען מיטינג פון לאקאל קלוב בר. 251 א. ר., נאכדעם ווי עס איז איבערגעלעזען געווארן א צושריפט פון א געוויסער 15־ער קאמ., אין וועלכער מיר זיינען איינגעלאדען געווארען אנטייל צו נעמען אין א קאנפערענץ צו באטראכטען פלענער ווי צו ברענגען דעם א. ר. צוריק צו זיינע פרינציפען, איז באשלאסען געווארען צוריק צו ווייזען דעם צושריפט מיט פאראכטונג. מיר האלטען, אז דער א. ר. האט זיינע פרינציפען ניט פארלארען, מיר דארפען זיי נישט זוכען. זיכען פרינציפען דארפען די פרינציפיאזע מענטשען, וועלכע קריכען ארויס פון זייערע באהעלטענישען, מיט דעם איינציגען צוועק צו שטערען אונז אין אונזער בויאונגס־ארבעט. מיר זיינען איבערצייגט אז די פערזאנען לאזען ניט דורך קיין געלעגענהייט אריינצוברענגען א מישעניגע אין די מחות דורך פארשידענע קליינגענדע פראזען, אז זיי זיינען שונאים פון דער ארבעטער באוועגונג בכלל און פון דעם א. ר. בפרט, און מיר פאדערען אויף די גרויסע מעמבערשיפ פון אונזער באליבטען ארדען, אז זיי זאלען זיך נישט לאזען פארפירען פון די נייע פראזיארען, און אנגיין מיט דער ארבעט פון בויען אנשטאט ברעכען.

דזשיי ראטענבערג, ם. בערמאן, רעז. קאמ.
ל. פאליאק, סעק.

## צען יאר ארבעט פון בר. 351

מיט צען יאר צוריק האט זיך א קליינע נעזעלער „סאסייטי" ארגאניזירט זיך אריינצוטרעטען אין א. ר. און איז אינסטאלירט געווארען דעם 1־טען יאנואר 1912 אלס בר. 351 א. ר. עס פארשטייט זיך, אז מיר האבען געפילט גאנץ שארף אונזער קליינע צאל און די באגרענעצטע ארבעט וואס קען פון אונז ווערען געטאן. מיר האבען געזוכט עפעס א פאסענדע סאסייטי מיט וועלכער מיר זאלען זיך קענען פאראייניגען און דער שיקזאל האט אונז טאקע צוזאמענגעפירט מיט די סיראציינער און מיר האבען זיך פאראייניגט. פון דאן אן האבען מיר געפילט, אז מיר האבען זיך ניט צו שעמען פאר אנדערע ברענטשעס פון א. ר. אונזער מעמבערשיפ איז געוואקסען טראץ פארשידענע שטערונגען, וואס מיר האבען געהאט פון צייט צו צייט.. אונזער בר. האט שוין איינמאל געהאלטען גאנץ שמאל. מיר האבען געוואלט באזייטיגען פון אונזערע רייען א סקעב. נו, האט ער מיט דער הילף פון א ברודער זיינעם אין אן ארגאניזירטער קליקע געפרופט טעראריזירען דעם בר.. אבער סוף כל סוף האבען מיר די גאנצע קליקע פאריאגט פון אונז און מיר האבען צוריק אויפגעבויט אונזער בר. מאראליש און פינאנציעל. מיר האבען פאר דער צייט פון אונזער עקזיסטענץ געשטיצט אלע, וואס האבען זיך געווענדעט צו אונז, אין סטרייקס, אין אומגליקספאלען, אין די פארשידענע קאמפיינס, וואס דער א. ר. האט געפירט. פון אייגענע מיטגלידער איז שוין אפגערעדט. לעצטענס האבען מיר געשאפען געלט פאר'ן רוסישען הונגער־רעליף, פאר'ן א. ר. רוסישען האספיטאל און פאר'ן אידישען רעליף. מיר דאנקען אלע עקז. קאמ. פון א. ר., וואס האבען אונז די גאנצע צייט געפירט אויפ'ן ריכטיגען וועג. מיר פארפליכטען זיך אויך אויף ווייטער אנצוהאלטען אונזער גוטען נאמען.

מאקס פילטינגאף, סעק. בר. 351.

## וועגען די קליינע ברענטשעס

אין די ברענטשעס הערשט איצטער א טויטשטילקייט. די מיטינגען ווערען שוואך באזוכט און זיינען ניט אינטערעסאנט. א הין דעם שלעפען מיט זיך די ברענטשעס גרויסע דעפיציטען. ס'איז צייט אז די טוער פון א. ר. זאלען זיך וועגען דעם פארטראכטען. אורזאכען פאר דעם צושטאנד זיינען פילע, אבער די וויכטיגסטע איז: די קליינע ברענטשעס. ווי קענען די מיטינגען פון די ברענטשעס זיין אינטערעסאנט, אז עס פעלען אפילו אין די גרויסע ברענטשעס אינטעליגענטע טוער? ווען ס'זאלען אבער זיין ווייניגער ברענטשעס, ווי למשל אין שיקאגא, וואלט די לאגע געווען א בעסערע. יעדער בר. וואלט אויף אזא'ן אופן געהאט מער מיטגלידער און מער טוער. די עקזעקוטיווע אדער אנדערע טוער פון א. ר. וואלטען די פראגע געדארפט ערנסט באטראכטען, ווייל דער איצטיגער צושטאנד קען פירען דערצו, אז דער א. ר. זאל פארלירען א סך מיטגלידער.

מיט גרוס,
ב. קאבלענץ, בר. 204.

געשעצטער פר. רעדאקטאר י. ב. ביילין!

פאלקאם איינפארשטאנען מיט אייער עדיטאריעל: „... עס זיינען צום גרעסטען טייל די טוער אין די ברענטשעס, וואס מוזען ביי זיך שאפען די מיטלען ווי אזוי צו פאראינטערעסירען די אומערפארענע מיטגלידער אין די א. ר. רייען ..." בנוגע דעם אפטען שרייבען פון מעמבערס, און קענען די ערטערע בר. נישט געפינען ביי זיך גענוג מיטלען ווי אזוי נוטשטייענד צו מאכען אזעלכע אומגליקליכע פריינד? — אין באצוג צו אלטע מעמבערס, וואס „ראזען" זיך שטרייכען. — דאס האב איך געלערנט פון אייגענע ערפארונג. זוכט נאך, זייט אזוי גוט, דעם רעקארד פון מיין בר., פאר די צוויי יאר צייט, וואס איך בין געוועזען סעק., וועט איר מוזען קומען צו דער איבערצייגונג, אז איך האב געהאנדעלט אין דעם זין מיט בעסטען ערפאלג.

אום צו מאכען עס קורץ, לאזט מיר איך זאגען, אז עס פאדערט זיך דערצו איבערגעבנייט, און למאי זאל איך עס באהאלטען פאר דער עפענטליכקייט? איך האב עס מקיים געווען בשלימות: איך האב געהאט ארבעט נאך אין נאכט, די גאנצע פרייע צייט געאפפערט אין מעמ־סטענסיילס נעמוזט ערשט אויפקלערען. אבער די מעמבערס זיינען נאך ניט דערוואקסען דערצו, ווי מיטצוהעלפען, ווי אפציאצען...

מיט גרוס אכטונג וואלף אייזנער, בר. 130

## קאנפ. פון נארפאלקער דיסטריקט פון א.ר.

זינטאג נאכמיטאג דעם 11־טען סעפט. איז אפגעהאלטען געווארען א קאנפערענץ פון דער א. ר. דיסטריקט קאמיטע אין נארפאלק. עס ווערען ערוויילט פר. מאס אלס פארזיצענדער, פר. סרעבניק אלס סעקרעטאר.

די פאלגענדע דעלעגאטען ווערען אפיציעל צוגעלאזען צו דער קאנפערענץ: בורמאן און סרעבניק, בר. 120, ריטשמאנד; ריבלעס און גראסמאן, בר. 212, נארפאלק; גאלדבלאט און מאסס, בר. 313, פארטסמוט; שניידער פון בר. 365, ניופארט ניוס; קאפסקי און קאהען פון בר. 513, נארפאלק; און לעגער און קאזלאוו פון בר. 591, ריטשמאנד.

פר. שניידער פון ניופארט־ניוס ווערט געגעבען דאס רעכט צו שטימען צוויי מאל, פארטרעטענדיג דעם ברענטש. ס'זיינען פארגעלייענט געווארען 2 צושריפטען: פון א. גאלדפיין, סעקר. פון בר. 120, און פון א מיטגליד, מרס. א. גאלדפיין, פון בר. 591, פראטעסטירענדיג דאס ארויסשטעלען פון ה. לעגער אלס קאנדידאט פון בר. 591, ווייל ס'איז געווען נישט לעגאל. נאך די דערקלערונגען פון פר. סרעבניק און פר. ראזען, אז זיי זיינען ביידע געווען אנוועזענד ביי דער זיצונג פון דעם בר. 591 און אלץ איז געווען געזעצליך און אין ארדענונג, באשליסט די קאנפערענץ נישט צו פארהאנדלען דעם פראטעסט.

פר. סיימס, דער סעקר. פון דיסטריקט קאמ., באריכטעט, אז די גאנצע צייט איז אים ניט געלונגען צו קריגען די מיטגלידער צו א זיצונג.

עס ווערען אפגעגעבען באריכטען פון די בר.

פון בר. 120 באריכטעט פר. סרעבניק, אז ס'איז קיין פאזיטיוועס ניט געשאפען געווארען. זיי האבען ארום 110 מיטגלידער. פון בר. 212 באריכטעט פר. גראסמאן, אז דער ברענטש טוט גוטע ארבעט פאר דער שולע, און ווילען פאררופען א קאנפערענץ. מיטגלידער 159. פון בר. 313 באריכטעט מר. גאלדבלאט, אז זיי זעצען פאר די ארבעט פאר דער רעליף, ווי אויך פאר רוסלאנד. אויך ווילען זיי זען ווייטער אויפצולעבען די שולע. די פארזאמלונגען זיינען גוט באזוכט. האבען 85 מיטגלידער. פאר בר. 365 באריכטעט פר. שניידער. טוען גוטע ארבעט, האבען 50 מיטגלידער. פאר בר. 513 באריכטעט פר. קאפסקי. טוען גוטע ארבעט, האבען 92 מיטגלידער. פאר בר. 591 באריכטעט מרס. לעסנער. טוען גוטע ארבעט, האבען 30 מיטגלידער.

עס ווערט באשלאסען אז די קאמיטעס זאלען באריכטען פון דער טעטיגקייט פון די אינסטיטוציעס. פאר דער קרעדיט יוניאן קאמיטע באריכטעט פר. מעי, אז ס'איז דער שטאלץ פון די ברענטשעס פונ'ם א. ר. פון נארפאלק און פארטסמוט, שאפענדיג לויט דער איניציאטיוו פון מר. ראזין א קרעדיט יוניאן, און ער רעקאמענדירט אז די אנדערע שטעט זאלען נעמען א ביישפיל פון דער נארפאלקער ארבעט, וועלכע האט אינדיווידועל פיל געהאלפען די מיטגלידער. דער קאפיטאל איז ארום 8000$, אויסגעליען איז געווארען ארום 18,000$. מען לייט אויס פון 50$ ביז 500$.

פר. מעי, דער סעקר. פון דער שול־קאמיטע, באריכטעט, אז ס'איז שווער דער קאמף פאר דער עקזיסטענץ פון דער שולע אין נארפאלק, אבער דער מאראלישער ערפאלג איז וואונדערבאר. דאס האט זיך אויסגעדריקט אין די זייער שיין דורכגעפירטע 3 האנצערטען מיט די קינדער.

פר. מאסס באריכטעט פאר דער פארטסמוטער שולע, אז פאר 10 חדשים וואס די שולע האט עקזיסטירט האט זיי געקאסט ארום 3000$. זיי האפען אין גיכען צוריק אייפצולעבען די שולע.

פר. מעי באריכטעט פאר דער בית־הקברות קאמיטע, אז צו זיין גרויסער פרייד האט ער ביז איצט גארנישט געטאן. ער האפט אויף ווייטער צו זיין ארבעטסלאז אלס סעקרעטאר.

מרס. ראזען באריכטעט אלס פרעזידענטין פון דער מוטערס קלוב: די מיטגלידערשאפט איז 30 פרויען. זיי האבען זיך באמיט צו שאפען פינאנציעלע שטיצע פאר דער שולע. אין די זומער־מאנאטען איז די ארבעט אביסעל שוואכער געווען. זי האפט אז איצט וועט דער קלוב ווידער טאן גוטע ארבעט.

פר. ווינקלער באריכטעט אין נאמען פון דער פיפעל'ס רעליף קאמיטע, אז טראצדעם וואס די מיטארבעטער זיינען וועניג, האבען זיי פיל אויפגעטאן מיט דער „זמרה" און הון הערשמאן איז געשאפען געווארען א פראפיט פון 1400$. אויסער דער ארבעט אין קליידער און שפייז זאמלונג האבען זיי אויך ביי עפשטיינס באזונד געשאפען 60$. זיי האבען אויך אנטייל גענומען אין דער ארבעט פון דעם נעציינג־קאמפיין. ער באדויערט וואס עס איז איצט אין דער רעליף־ארבעט אריין דער טומעל און קאמף וועגען סאוו... ווסלאנד.

מר. דייוויס, דער געוועזענער דירעקטאר, גיט אפ זיין רעפארט. ער באריכטעט, אז די ארבעט פון דער נ. ב. ד. איז א גאנץ וויכטיגע. ער דערקלערט אבער, אז ער זעט איין אז די באארד איז ניט מער ווי א „ראבער־סטעמפ" פון דער עקזעקוטיווע, כפעציעל אין דעם פאל פון דער פיפעלס רעליף קאנווענשאן, ווען די נאציאנאלע עקזעק. האט רעקאמענדירט דער באארד און דירעקטארען צו שטימען נאר פאר אפרייסען זיך פון דער דזשאינט. ס'איז ניט נאר זיין מיינונג, נאר פון די אנדערע דעלעגאטען אויך. ער דערציילט איינעם פון די פאקטען, אז א מיטגליד וואס האט באגנב'עט א קאסע פון א ברענטש, ווען די מיטגלידער פון דער באארד האבען באשלאסען אויסצושליסען, האט די נאצ. עקזעקוטיווע ניט אויסגעפאלגט. ער האט אויך קריטיקירט ווארום מען האט געהאלטען ארום 60,000 רעליף־געלדער העכער א יאר, אט דער טשערמאן ישורין ניט געענטפערט, נאר זיך געבייזערט. ער דענקט, אז ס'וואלט בעסער געווען אז די אינסטיטוציע זאל אפגעשאפט ווערען און איינשפארען געלט.

עס זיינען נאמינירט געווארען קאנדידאטען צו דער נ. ב. ד. דורך א געהיימען באלאט. רעזולטאט: פר. מילער פון בר. 212 האט געקראגען 10 שטימען; פר. לעזנער, בר. 120 — 8 שטימען, און פר. דזש. גאלדפיין, בר. 120, 5 שטימען. פר. מילער און לעזנער גייען דאריבער אויפ'ן באלאט.

עס אנטוויקעלט זיך א דיסקוסיע וועגען דער נויטווענדיגקייט פון גרינדען א דיסטריקט קאמ.: עס ווערט באשלאסען, אז מען זאל זיך ווענדען מיט א רעזאלוציע צום ריטשמאנדער סיטי קאמ., אז זיי זאלען זיך אנשליסען צוריק צום דיסטריקט קאמ. עס ווערט אויך באשלאסען, אז מען זאל ערוויילען 9 דעלעגאטען צו דער דיסטריקט קאמ., ווי אויך אז איינער זאל ערוויילט ווערען ביי דער קאנפערענץ און די אנדערע ביי די פארזאמלונגען פון די ברענטשעס. עס ווערען ערוויילט פאלגענדע פריינד: פון בר. 212—גראסמאן; בר. 313—גאלדבלאט; בר. 365—שניידער; בר. 513—קאפסקי; און פר. גראסמאן אלס סעקרעטאר.

ס'איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציע מיט אלע געגען פר. וו. ראזען, אז די קאנפערענץ פראטעסטירט געגען דער האנדלונג פון דער נאצ. עקז., וועלכע האט אין דעם קאמף צווישען די פראקציעס אין דער ס. פ. גענומען א שטעלונג רעדענדיג אין נאמען פון א. ר., ניט רעכענענדיג זיך דערמיט, אז אין דעם א. ר. זיינען פארטראטען אלע ריכטונגען און שאטירונגען פון דעם אידישען סאציאליזם.

פרעס קאמ. פון דער קאנפערענץ.

## האדסאן און בוירגען קאונטי יערליכע קאנפערענץ

די קאנפ. איז אפגעהאלטען געווארען זונטאג דעם 18־טען סעפט. 1921 אין א. ר. בילדינג, האבאקען, נ. דזש. נאכדעם ווי פר. נ. שטיין פון בר. 7 עפענט די זיצונג ווערען ערוויילט פר. פ. בערקאוויץ, בר. 504, אלס טשערמאן; פר. אזארד, בר. 198, אלס וויים־טשערמאן, און פר. מ. קארנין, בר. 50, אלס סעקרעטאר.

א קרעדענשעל קאמיטע פון די פר. איזראלאוו, בר. 198, און מ. בלעקמאן, בר. 504.

עס זיינען פארטראטען 8 ברענטשעס מיט 27 דעלעגאטען. בר. 7 דורך 4 דעלעגאטען, בר. 10 דורך 3, בר. 59 דורך 4, בר. 198 דורך 4, בר. 316 דורך 4, בר. 486 דורך 3, בר. 504 דורך 4, בר. 577 דורך 1. די האדסאן דיסט. קאמ. איז פארטראטען דורך 3 דעל. די נאצ. עקזעקוטיוו איז פארטראטען דורך פר. קרינסקין. צוזאמען 31 דעלעגאטען. בר. 595 אפוועזענד.

פר. ל. בראון, בר. 59, באריכטעט: די דיסט. קאמ. האט אפגעהאלטען 12 מאנאטליכע מיטינגען און 1 ספעשעל מיטינג. זיי האבען באזוכט די ברענטשעס, און וואו עס איז געווען נייטיג צו פארגלייכען סכסוכים איז דאס געטאן געווארען מיט בר. 10 און בר. 577, מיט בר. 7 און בר. 486. עס זיינען אויך אונטערזוכט געווארען די ביכער פון בר. 577. די דיסט. קאמ. האט דורכגעפירט 2 אונטערנעמונגען: אן אלגעמיינער פיקניק, פון וועלכען 25 פראצענט וועט אוועקגעגעבען ווערען פאר דעם א. ר. האספיטאל אין רוסלאנד, און א קאנצערט פאר די א. ר. שולען פון האדסאן קאונטי. זיי זיינען געווען פארטראטען צו 3 יארעספעסטען פון בר. 7, 10 און 504, אויך צו לייגען דעם ווינקעלשטיין פון בעיאן לייבאר לייסעאום בילדינג.

פר. שאכמאן, פינ. סעק. פון דיסט. קאמ., באריכטעט: פאלגענדע ברענטשעס האבען אריינגעשיקט רעליף־געלדער פון דעם $1 טעקס, וואס די ברענטשעס האבען קאלעקטירט: בר. 7 — 239$; בר. 59 — 140$; בר. 198 — 171$; בר. 316 — 100$; בר. 504 — 90$. צוזאמען 740$. בר. 10, 486, 577, 595 האבען נאך קיין רעליף־געלט ניט אריינגעשיקט. דער פראפיט פון קאנצערט פאר די א. ר. שולען אט אריינגעבראכט 136$, פון וועלכע די בעיאנער שולע האט באקומען 40$, האבאקענער שולע—40$, און וועסט ניו־יארק שולע—40$. צוזאמען 120$. בלייבט א באלאנס 16$.

פר. ס. באסקין, סעקר. פיקניק קאמיטע, באריכטעט, אז דער פראפיט וועט זיין אן ערך פון 1000$, פון וועלכע 25 פראצענט וועט איבערגעגעבען ווערען פאר דעם א. ר. האספיטאל אין רוסלאנד. דער באריכט ווערט גוטגעהייסען און די קאנפערענץ דריקט אוים א דאנק צו דער דיסט. קאמיטע פאר דער ארבעט פון יאר.

פר. קרינסקי, פארטרעטער פון דער נאצ. קאמ., באגריסט די קאנפערענץ און דערקלערט, אז די ארבעט פון דער דיסט. קאמ. איז צופרידענשטעלענד און האפט אז די ניי־ערוויילטע קאמיטע וועט ווייטער אנגיין מיט גוטע ארבעט פאר דעם א. ר.

רבי דזש. מאסקאוויץ פון לאס־אנדזשעלעס קאנסאמפטיוו סאניטאריום, ווערט צוגעלאזען צו דער קאנפערענץ. נאך א דערקלערונג פון דעם צושטאנד פון דעם סאניטאריום אפעלירט ער פאר הילף. די קאנפערענץ באשליסט צו רעקאמענדירען די ברענטשעס זאלען העלפען ווי ווייט מעגליך פאר דעם צוועק. 10 דעלעגאטען פון קאנפערענץ ווערען יערליכע מיטגלידער, מיט $1 יעדער, פון סאניטאריום.

די דיסטריקט קאמיטע רעקאמענדירט: צו ארבעטען פאר א. ר. שולען, אלגעמיינע רעליף און קאאפעראטיווען. די קאנפערענץ באשליסט, אז די א. ר. שולען זאלען איבערגעגעבען ווערען אין רשות פון דער נייער דיסט. קאמ. וועגען אלגעמיינע רעליף זאלען די ברענטשעס האנדלען אינדיווידועל. יעדער ברענטש האט א רעכט צו ארבעטען פאר וועלכען רעליף ער באשליסט. וועגען קאאפעראטיווען זאלען די באארד און דירעקטארען פון דער קאאפעראטיווער אסס'ן האנדלען.

די ברענטשעס 7 און 504 ברענגען אריין רעקאמענדאציעס: אז מיטגלידער צו דער דיסט. קאמ. זאלען ערוויילט ווערען פון די ברענטשעס, ניט פון דער קאנפערענץ. די קאנפערענץ באשליסט, אז מען זאל די קאמיטע ערוויילען פון קאנפערענץ, נאר די ברענטשעס האבען א רעכט פון „ריקאל".

פר. קרינסקי, פארטרעטער פון נאצ. עקז. קאמ., דערקלערט, אז דער באשלוס פון דער נאצ. עקז. איז צו ערוויילען א קלענערע צאל מיטגלידער אין די דיטריקט קאמיטעס.

די קאנפערענץ באשליסט, אז יעדער ברענטש וואס האט אריבער 100 מיטגלידער זאל זיין פארטראטען אין דער דיסט. קאמ. מיט 2 דעלעגאטען, און ברענטשעס וואס האבען ווייניגער פון 100 מיט 1 דעלעגאט.

נאכדעם ווי פר. קרינסקי באריכטעט דעם צושטאנד פון די ברענטשעס אינסטאלירט ער די נייע דיסטריקט קאמיטע, און אפעלירט אז די ברענטשעס פון האדסאן קאונטי זאלען שטיין אז א זייט פון די רייסערייען, וואס גייען יעצט אז אין די פארטייען, אז פון דעם גרויסען א. ר. זאל ניט פעלען קיין רינגעלע. דער א. ר. וועט זיין דער, וועלכער וועט צוריק צוזאמענברענגען די צעריסענע און צעשפליטערטע . . .

די קאנפערענץ דריקט אוים א דאנק צו פר. קרינסקי, און דער טשערמאן שליסט די קאנפערענץ און האפט אז די נייע דיסטריקט קאמיטע וועט טאן גוטע ארבעט.

מ. קארנין, פראטאקאל סעקר. פון קאנפ.

## די ערשטע זיצונג פון האדסאן און בוירגען קאונטי קאמיטעט

א מיטינג פון האדסאן און בוירגען קאונטי ארגאניז. קאמ. איז אפגעהאלטען געווארען מיטוואך דעם 28־טען סעפט. 1921 אין א. ר. לייבאר לייסעאום, האבאקען. עס ווערען ערוויילט אלס טשערמאן רובין פון בר. 10 און ברייען אלס סעקר. דער פראטאקאל פון לעצטען מיטינג ווערט פארגעלעזען און גוטגעהייסען. עס ווערט אפגעגעבען א באריכט פון די ברענטשעס. מיט איינינע באמערקונגען ווערט דער באריכט גוטגעהייסען. די קאמ. צו שליכטען די פראגע וועגען די 2 ברענטשעס, 7 און 486, אין באצוג דער שול־פראגע באריכטען, אז זיי האבען געהאט א מיטינג מיט די קאמיטעס פון די 2 ברענטשעס און די פראגע איז געשליכטעט געווארען צופרידענשטעלענד פאר ביידע ברענטשעס. די קאמ. גיט אפ א באריכט פון יערליכען קאנפערענץ, אויך ניט זי איבער אלע ארבעטען, וואס די קאנפערענץ האט איבערגעגעבען צו דער נייער קאמיטע. דער באריכט ווערט ג.ג.

עס ווערט ערוויילט אן עדיוקיישאנאל קאמ., וועלכע זאל באזארגען האדסאן קאונטי ברענטשעס מיט לעקטשורס, דיסקוסיעס און דעבאטען. אויך איז ערוויילט געווארען א קאמ. צו באזוכען אלע ברענטשעס און אגיטירען פאר די א. ר. שולען. א קאמיטע איז ערוויילט געווארען צו בר. 577, בעיאן, און א קאמ. צו בר. 595, ענגלוואוד

עס ווערט באשלאסען צו האבען נעקסטען 2 אלגעמיינע אונטערנעמונגען, וואס זאלען זיין פאר דעם רעליף און פאר די שולען, און א 3־ער קאמ. איז פאר דעם ערוויילט געווארען.

עס ווערט באריכטעט, אז פון דעם פיקניק, וואס איז אפגעהאלטען געווארען דעם אכטען אויגוסט פון האדסאן קאונטי ברענטשעס, אז דער פראפיט וועט זיין ביי ניין הונדערט דאלער און 25 פראצענט וועט גייען פאר דעם א. ר. האספיטאל אין רוסלאנד. אויך ווערט באריכטעט, אז פון די בלומען, וואס מען האט פארקויפט ביים פיקניק, זאל דער פראפיט גיין פאר די הונגעריגע פון רוסלאנד. די סומע איז [illegible].

עס זיינען ערוויילט געווארען באאמטע פארין נעקסטען יאר: מ. שאכמאן, בר. 504, פינ. סעק.; ס. באסקין, בר. 108, טרעזש.; ס. ברייען, בר. 59, רעק. סעק.; דזש. איזראעלאוו, בר. 198, טשערמאן. עס ווערט אויך ערוויילט א פרעס קאמ. פון 2: ס. באסקין און אסטראווסקי.

ס. ברייען, סעקר.

## א פארדריסליכער טעות

אין פראווידענסער סיטי־קאמיטע רעפארט איז אין דעצעמבער נומער אריינגעפאלען א טעות. עס זיינען צודרייט געווארען שורות און עס איז איננאנצען אוועקגעפאלען דער אנהייב פון באריכט, אויף זייט 32.

## א. ר. נאָמינײשאַן קאָנפערענץ

רעזולטאַט פון די אָפּגעגעבענע שטימען פאַר די קאַנדידאַטען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיו קאָם. פון אַ. ר. פאַר דעם יאָר 1922-1923.

פאָלגענדע 10 אין יעדער קאָמיטע האָבען געקראָגען די גרעסטע צאָל שטימען און וועלען גיין צום רעפערענדום. 5 וועלען דאַרפען ערוויילט ווערען אין יעדער קאָמיטע.

### אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

| | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ל. דינערשטיין | 99 | 307 |
| בארנעט וואולף | 11 | 293 |
| י. ראבערטס | 291 | 287 |
| ב. לעוויטאן | 96 | 284 |
| י. וויינבערג | 2 | 278 |
| מ. שיינבערג | 8 | 269 |
| י. קלופט | 150 | 265 |
| טש. סאָקיראַסנסקי | 20 | 260 |
| ס. מילער | 83 | 255 |
| י. מילער | 268 | 237 |

### כּאַניטאַריום קאָמיטע

| | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ר. נוסקין | 206 | 317 |
| ל. ראטהמאן | 195 | 308 |
| מ. י. אַשפּיז | 410 | 285 |
| א. זעלדין | 11 | 272 |
| ב. ליליענבלום | 2 | 271 |
| ס. סילווערבערג | 87 | 263 |
| דזש. פארניק | 149 | 258 |
| א. ב. מעלמאן | 20 | 254 |
| ס. דזשאהנסאן | 6 | 250 |
| ד. פערלבערג | 172 | 242 |

### גריוועגס קאָמיטע

| | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ר. בלאָק | 99 | 312 |
| א. בריף | 288 | 286 |
| ב. גילמאן | 23 | 279 |
| י. דאראשקין | 258 | 271 |
| מ. ווייך | 510 | 271 |
| י. זינדערמאן | 215 | 265 |
| ד. ווידבערג | 258 | 278 |
| מ. יארלאָווקין | 1 | 257 |
| א. וויינבערג | 185 | 256 |
| מ. נאפט | 352 | 253 |

### אָפּיס קאָמיטע

| | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| נ. גאלדשטיין | 280 | 292 |
| ב. גאלוב | 99 | 289 |
| מ. דייווידאָף | 2 | 287 |
| י. ראטהמאן | 49 | 284 |
| מ. עהרליך | 42 | 280 |
| דזש. סקלאר | 331 | 280 |
| ס. ראַשקין | 88 | 271 |
| דזש. פּאַרקער | 43 | 268 |
| ב. פריימאן | 30 | 266 |
| מ. ספּרונג | 148 | 265 |

### עדיוקיישאָנאל קאָמיטע

| | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ה. בורגין | 49 | 296 |
| א. ליעסין | 75 | 293 |
| נ. האַנין | 133 | 287 |
| א. הערשקאוויץ | 38 | 279 |
| י. פישמאן | 555 | 279 |
| מ. פיין | 201 | 274 |
| וו. ראבקין | 206 | 266 |
| ל. גאלינסקי | 146 | 271 |
| ש. בולגאטש | 1 | 254 |
| ב. באטווינִיק | 428 | 249 |

### בענעפיט קאָמיטע

| | בר. | שטימען |
|---|---|---|
| ל. בערמאן | 560 | 282 |
| א. לאַנגער | 42 | 278 |
| ד. האנפט | 93 | 270 |
| מ. וואַיפּערט | 96 | 271 |
| א. קאהען | 500 | 269 |
| מ. פריעדמאן | 28 | 268 |
| מ. ס. מאלאט | 183 | 265 |
| ס. פילטינגאָף | 351 | 264 |
| פ. ראזענטהאל | 548 | 240 |
| מ. יארכא | 280 | 228 |

מיר, די אונטערגעצייכענטע, באַשטעטיגען, אַז מיר האָבען געפונען אין באַלאָט באָקס 354 באַלאָטס. אַלע באַלאָטס זיינען געציילט געוואָרען, מיט דער אויסנאַמע פון 2 באַלאָטס, אויף וועלכע עס זיינען געווען צו 11 שטימען פאַר די קאַנדידאַטען אויף דעם קאָלום פון דער בענעפיט קאָם. דיזער קאָלום אויף דיזע צוויי באַלאָטס איז ניט געציילט געוואָרען. מיר באַשטעטיגען אויך, אַז די אויבען־אַנגעגעבענע שטימען זיינען ריכטיג.

י. אַלפּערט, בר. 23 ; י. א. זילבערמאַן, בר. 455 — ציילער קאָמיטע פון קאָנפערענץ.

ח. באַרדמאַן, א. העלמאַן — קלוירקס פון א. ר. אָפּיס.

---

## נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען רופט די מיטגלידער צו איינינקייט און סאָלידאַריטעט

די נאַציאָנאַלע באָארד און דירעקטאָרען האָט ביי זייער לעצטען צוזאַמענקומען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע רופט די גרויסע מיטגלידערשאַפט פון א. ר. אָנצוהאַלטען די גאַנצקייט אין די רייען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. די רעזאָלוציע לויטעט ווי פאָלגט:

יאַנואַר 19, 1922.

די נאַצ. ב. ד. פון א. ר., באַשטייענד פון פאָרטרעטער פון 17 שטאַאַטען, האָט אויסגעהערט די באַריכטען פון די פאַרשידענע סטענדינג קאָמיטעס און פון די פאָרטרעטער פון די סטייטס, און באַטראַכטענדיג דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון אונזער אָרדען, האָט געפּאַסט פאָלגענדע רעזאָלוציע:

מיר באַטראַכטען דעם א. ר. אַלס אַ פאַרקערפּערונג פון די פּרינציפּען אויף וועלכע ער איז צוערשט געבוים געוואָרען. דער א. ר. איז געווען און איז איצט אַן אָרגאַניזאַציע פון קלאַסען־באַוואוסטע אידישע אַרבעטער, וועמעס אויפגאַבע איז צו אַנטוויקלען געגענזייטיגע הילף, שאַפען אַרבעטער סאָלידאַריטעט און אויפלעבען דעם קולטורעלען צושטאַנד פון זיינע מיטגלידער אין שטרעבענען גייסט פון סאָציאַליזם.

מיר באַדויערען, וואָס די פּרינציפּען־ערקלערונג איז צוליב געוויסע אומשטענדען יעצט ניט קיין טייל פון אונזער קאָנסטיטוציע, עס איז אָבער אַן אַלטער גרונד־פּרינציפּ פון סאָציאַליזם, פאָרמולירט פון פערדינאַנד לאַסאַל, אַז די מאַכט וועלכע ליגט הינטער אַ קאָנסטיטוציע, איז פיל וויכטיגער ווי די קאָנסטיטוציע גופא. דאָס אַליין, וואָס דער א. ר. איז אַן אָרגאַניזאַציע פון קלאַסענבאַוואוסטע אַרבעטער, איז די בעסטע גאַראַנטיע, אַז דער גייסט פון א. ר. איז און וועט אַלעמאָל זיין דורכגעדרונגען מיט דער לערע פון קלאַסענקאַמף.

אונזער אַלעמענס ענדציל איז אָפּצושאַפען די יעצטיגע קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג און אויף איר פּלאַץ אויפבויען אַ געזעלשאַפט, וואו עקספּלואַטאַציע זאָל פאַרשווינדען. געמענדיג אין אַנבעטראַכט, אַז דער מאָדערנער סאָציאַליזם שלאָגט פאָר פאַרשידענע מיטלען צו דערגרייכען דעם ענדציל און אַז אין א. ר. זיינען פאַראַן מיטגלידער, וועלכע פאָרטרעטען אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען, קענען מיר ניט דערלאָזען, אַז דער א. ר. אַלס גאַנצער זאָל נעמען די אָדער יענע שטעלונג אין טאַקטישע פראַגען.

דער א. ר., דער „רויטער קרייז" פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג, איז געווען און איז איצט נייטראַל, וואָס אַנבעלאַנגט סאָציאַליסטישער טאַקטיק. מיר האָפען דערום, אַז די א. ר. מיטגלידער וועלען ביי די פערהאַנדלונגען פון פראַגען וואָס האָבען אַ שייכות מיט אונזער אָרגאַניזאַציע, בלייבען טריי אונזערע טראַדיציעס און וועלען זיין לאָיאַל צו די אינטערעסען פון אונזער אָרדען, וועלכער איז מיט אַזוי פיל מי און אַנשטרענגונג אויפגעבויט געוואָרען. דער א. ר. איז געוואָרען מעכטיג צוליב זיין נייטראַלע שטעלונג אין טאַקטישע פראַגען, און ער וועט דיזע פּאָליסי דורכפירען אויך אין דער צוקונפט. צו טייער איז אונז דער א. ר., אַז מיר זאָלען ערלויבען אַריינדרינגען אין אונזערע רייען צושפּליטערונג אויפ'ן גרונד פון פערזענליכע אָדער פּאַרטיי־שטרייטיגקייטען.

מיר פּראָטעסטירען העפטיג געגען יעדען פאַרזוך פון אויטסיידיגע פערזאָנען, גאָר ניט קיין מיטגלידער פון א. ר., זיך אַריינצומישען אין אונזערע אינערליכע אַנגעלעגענייטען, און צו דיקטירען אונזערע פּאָליסיס. אַלע פראַגען, וועלכע זיינען שייך אונזער אָרגאַניזאַציע, איז די זאַך פון אונזערע מיטגלידער גופא, און דאַרפען נאָר פון אונז ענטשידען ווערען.

מיר האָפען, אַז אין די רייען פון א. ר. וועט ניט אַריינדרינגען דער גייסט, וועלכער האָט צושפּליטערט די אַרבעטער־באַוועגונג פאַר די צופרידענייט פון די שונאים פון אַרבעטער־קלאַס, און האָט אַזוי פיל שאָדען פאַר אונז אַליין אָנגעטאָן.

ס. יאַנאַס, ס. עטינגער, מ. איוועגסקי.
רעז. קאָם.

---

## פאַרשליסען די קאַסע

(צו דער אויפמערקזאַמקייט פון אַלע ברענטשעס פון אַ. ר.)

צוליב דער שלעכטער צייט איז אַלגעמיין און צוליב די אומגינסטיגע אומשטענדען אין די אונטעראַנגעוויזענע ברענטשעס איבעראויפּט, ווערען אַלע ברענטשעס אונזערע געבעטען ניט צו שיקען קיינע טיקעטס אָדער אַפּילס פאַר שטיצע.

פאַר בר. 78, ה. זימאַוו, סעק.
פאַר בר. 369, א. ווינאַרא, סעק.
פאַר בר. 249, א. ראַוומאַן, סעק.
פאַר בר. 344, ה. קיוואַוויץ, סעק.
פאַר בר. 186, פישעל חיסין, סעק.
פאַר בר. 326, ח. פּ. קאַטין, סעק.

---

## רעז. פון בר. 144 אַ. ר.

ביי איין ספּעציאַל מיטינג פון בר. 114 אַ. ר. איז באַהאַנדעלט געוואָרען דער רעפּאָרט פון פר. סיימאָנס, פון דער לעצטער נאַצ. באָארד אָף דירעקטאָרס צוזאַמענפאָר, און נעמענדיג אויך אין אַנבאַטראַכט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דעם א. ר. אַז די יערליכע קאַנווענשאַנס ברייגגען ניט קיין גינסטיגע רעזולטאַטען און אַז 3 יערליכע קאַנווענשאַנס וואָלטען געווען בעסער סיי מאַטעריעל און סיי גייסטיג, ווערט איינשטימיג אָנגענומען אַ רעזאָלוציאָן אויפצופאָרערן דער נאַצ. עקז. קאָמ. צו געפינען וועגען און מיטלען, אַז קאַנווענשאַנס זאָלען שטאַטפינדען אַלע 3 יאָר.

רעז. קאָם. חערדי נאַראַדיעצקי, מ. לאַקמאַוו.

## בריף־קאַסטען

ש ו א ל ל ע ו ו י ז : ניט דרוקבאַר. ווען מיר זאָלען דאָס וועלען פאַרריכטען, וואָלט די רעדאַקציע דאַרפען דאָס איבערשרייבען איבגאַנצען.

א. פּ ע ס ט א נ א ו ו, בר. 62 פּאָכייק: איר זייט גערעכט פריינד. מיר האָבען אָבער נאָר געשריבען פון די גאָר גרויסע סומעס, וואָס זיינען אַריבער טויזענט דאָלאַר. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר פאַרצייכענען דאָ מיט פאַרגעניגען אַז אייערע צוויי ברענטשעס האָבען געזאַמעלט ביז איצט 500$ פאַר'ן רוסישען רעליף, און אַז זיי קלייבען זיך צו שיקען נאָך. אין נאָמען פון דער נויט. עקזעקוטיווע — אַ דאַנק אייך!

אַ. ל א ט ק ע ר, בר. 252 : צוליב דעם, וואָס די גאַנצע אַנגעלעגענייט איז שוין פאַרעלטערט, דרוקען מיר ניט אייער בריף, וואָס האָט דערקלערט די שטעלונג פון דער רוסישער א. ר. רעליף קאָנפערענץ. אונז דוכט אָבער, אַז איר פאַרענטפערט ניט די מיספאַרשטענדניס. די דערקלערונג פון טשערמאַן פר. נוסקין איז געווען, אַז די בר. וואָס וועלען אויסדריקליך וועלען, אַז דאָס געלט זאָל גיין פאַר'ן אידישען רעליף, וועט די עקזעקוטיווע דערפילען זייער פאַרלאַנג. מיר קענען דאָך קיינעם ניט צווינגען אין אַזאַ זאַך ווי רעליף. וואָס קענען מיר טאָן, אַז דער אָדער יענער ברענטש שאַפט איינגאַנצען גאָר ניט? ענטשולדיגט פאַר דעם פאַרשפּעטיגטען ענטפער. מיר וועלען געוויס דרוקען, אייב איר האָט עפּעס צו זאָגען אין אַ נייער פראַגע.

וו. א י י ז נ ע ר, בר. 130 : וואָס וואונדערט איר זיך, ווערטער פריינד? עס זיינען טאַקע דאָ מענטשען ביי וועמען דאָס צונעמען דאָס וואָרט איז אַ האַרבער שטראָף ווי געלט. איר זייט דאָך אַ צווייפעל איינשטימיג מיט אונז, אַז מ'האָט ניט געדאַרפט אים אָנקנייפען אין בעקעל פאַר אַרבעטען אין די וואַלען פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישער פּאַרטיי. אַלאַ וואָס, צו וואָס זאָל ער קומען צו די מיטינגען? — למען ישמעו ויראו; אַזוי וועט דאָך קיינער ניט נעדענקען אַז דער גאַנצער געשיכטע.

וועגען דעם, וואָס בר. 11 האָט פאַרגעסען, אַז אייער בר. האָט אויך עפּעס געטאָן פאַר דער בראָנזווילער קאָאָפּעראַטיווע — זייט איר פאָלשטענדיג גערעכט. אָבער איר ווייסט דאָך, אַז אַ בעל־שמחה איז אַ טרוד און איז, דאַכט זיך, אַפילו פּטור פון קריאת־שמע. מכל שכן פון געדענקען היסטאָריע . . .

אייער צווייטער בריף וועגען דער / שטרייך־מנפה ווערט געדרוקט.

מ אַ ק ס פּ י ל ט י נ נ אָ ף, פּיק. בר. 351: ווי איר זעט איז אייער באַריכט אין גראָסען געענדערט געוואָרען. עס טוט אונז לייד, וואָס מיר האָבען דאָס געמוזט טאָן. אָבער איר פאַרשטייט דאָך אַליין, ליבער פריינד, אַז ווען מ'שרייבט אַ באַריכט דאַרפען דאָרטען קלינגען די מ ע ש י ם פון דער אָרגאַניזאַציע און ניט די ווערטער. איר וועט דאָס געוויס נעמען אין אַכט דעם צווייטען מאָל, ווען איר וועט שרייבען אַ באַריכט.

ח. ק אַ ר נ ב ל י ט ה, בר. 654, פּאַסאַדענאַ: אייער פאַרשלאַג וועגען אַ טעגליכער צייטונג פון א. ר. קומט אין דער צייט, ווען דער „פריינד" קען אַפילו ניט ערשיינען רעגעלמעסיג יעדען מאָנאַט צוליב אַ נישטיגען דעפיציט, וואָס דריקט אים. דענקט איר ניט, ליבער פריינד, אַז אין דער צייט וואָלט גלייכער געווען ניט צו פאַנטאַזירען וועגען אַ האַלבער אוממעגליכקייט, ווי וועגען אַ ספּעציעלער א. ר. טעגליכער צייטונג, נאָר בעסער אַפּעלירען צו די מיטגלידער, אַז זיי זאָלען זען אַז דער „פריינד" זאָל ניט האָבען קיין דעפיציט. אַ י י ן פּעני אַ קוואָרטאַל וואָלט דאָך די גאַנצע פראַגע געלייזט.

בנוגע אייער באַמערקונג וועגען די קריגערייען אין די ברענטשעס זיינען מיר מיט אייך פאָלשטענדיג איינפאַרשטאַנען. מיר וואָלטען אויך, ווי איר, געוואָלט זען אַ פאַראייניגטען אַרבעטער־קלאַס און אַן איינאַייטליכען א. ר.

ח. ד ו ב אַ ו ו ס ק י, בר. 258 סאַן דיעגאָ: אייער פאַרשלאַג וועגען אַ לעקסיקאָן פון אַלע א. ר. מיטגלידער מיט זייערע ביאָגראַפיעס און בילדער איז געוויס אַ גראַנדיעזער. אָבער, ליבער פריינד, איר האָט ניט באַרעכענט וואָס אַזאַ אונטערנעמונג דאַרף קאָסטען. אַ רייכע לאַרזש וואָלט דאָס אויך אַן שוועריגקייטען ניט געקענט אונטערנעמען. פאַרגעסט ניט, אַז נאָך דעם גאַנצען געשריי, אַז דער א. ר. איז אַ קליין־בירגערליכער איז דאָך דער גרעסטער־טייל אין אים אַן אַרבעטער־עלעמענט, וואָס קען ניט ביישטייערען 10$ אָדער 15$ צו אַזאַ אונטערנעמונג. ווען יעדער איינציגער מיטגליד וואָלט נאָר באַקומען אַ פּעטעל זייט וואָלט מען דאָך אויך געדאַרפט האָבען אַ בוך צום ווייניגסטען פון 21 טויזענט זייטען, אַרויסגעגעבען אין אַרום 85 טויזענט עקזעמפּלאַרען. די בילדער אַליין האַלטען געדאַרפט אָפּקאָסטען אַרום 300 טויזענט דאָלאַר.

---

## א. ר. ברענטשעס—אויפמערקזאַם

מיר מאַכען אויפמערקזאַם אַלע ברענטשעס וואָס שיקען אונז בריף וועגען שטיצע אָדער טיקעטס מוזען טראָגען דעם זיגעל פון זייער בר. אַנדערש וועלען זיי ניט ווערען געשטיצט.

כ. עפּשטיין, סעק., בר. 578, טאַקאָמאַ, וו.




## אינהאלט.



THE FRIEND
Official Organ of the Workmen's Circle
MAY, 1922

דער פריינד
אפיציעלער ארגאן פון ארבעטער־רינג
מאי, 1922

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

**Office of Publication:**
**331 Pennington Ave., Passaic, N. J.**
**General Office:**
**175 East Broadway, New York City.**

**Subscription Rates:**
**Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts**
**Single Copy, 5 cts.**

**Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.**


# „קינדערלאַנד"

אַרויסגעגעבן מאָנאַטליך פון דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט פון אַ. ר., אונטער דער רעדאַקציע פון

## י. ב. ביילין, י. ל. דראַגונסקי און יעקב לעווין

מיט דער מיטאַרבייטערשאַפט פון די בעסטע אידישע שרייבער און קינסטלער.

סובסקריפּציאָנס-פּרייז: יערליך—$1.50; האַלב-יערליך—80 סענט.

איינציגע קאָפּיעס וועלען זיך פאַרקויפען צו 15 סענט אַ קאָפּיע.

**בּרענטשעס וואָס אָרדערען 10 קאָפּיעס קריגען 25 פּראָצענט ראַבאַט.**

# שפּילען פאַר קינדער

נישטאָ קיין גרעסערער פאַרגעניגען פאַר קינדער ווי שפּילען זיך. ס'איז אויך נישטאָ פאַר זיי קיין געזונטערער צייט-פאַרטרייב. ווילט איר די קינדער זאָלען אייך ליב האָבען — שפּילט מיט זיי!

## שפּיל-בוך פאַר קינדער (אילוסטרירט)

פון י. שטיינבוים

אַרויסגעגעבן פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַ. ר.

פּרייז $1.50 פאַר מיטגלידער פון אַ. ר. 75 סענט.

## אַרבייטער רינג ביבליאָטעק

קוקט איבער דעם צעטל און זעט וואָס אייך פעלט.

1) די וועלט און די מענשהייט (געזאַמעלטע לעקציעס). אויספאַרקויפט.
2) גאַנץ אַמעריקא, פון פיליפּ קראַנץ. אויס-פאַרקויפט.
3) באָטאַניק, פון אַ. ש. זאַקס — — — — — 40 ס.
4) היגיענע, פון דר. א. י. מעריסאָן — — 40 ס.
5) טרייד-יוניאָניזם, פון דר. ל. לעווין — — 40 ס.
6) סאָציאַליזם, פון דר. ח. זשיטלאָווסקי — 40 ס.
7) פיזיק, פון דר. אב. קאַספּע — — — — — 40 ס.
8) אַסטראָנאָמיע, פון דר. ב. האָפמאַן — אויספאַרק.
9) געאָלאָגיע (2 טייל), פון דר. אב. קאַספּע— 80 ס.
10) פּאָליטישע עקאָנאָמיע (2 טייל), פון אַ. ש. זאַקס. אויספאַרקויפט.
11) פּאָליטישע עקאָנאָמיע (3-טער טייל), פון אַ. ש. זאַקס — — — — — — — — $2.50
12) פיזיאָלאָגיע (3 טיילען), פון דר. א. י. מע-ריסאָן — — — — — — — — — — $1.80
13) זאָאָלאָגיע, פון דר. ב. האָפמאַן — — — $3.50
14) כעמיע, פון ס. פיינסטאָון — — — — — — $2.50
15) אַריפמעטיק, פון ה. בורגין — — — — — $3.00
16) די פיזישע ערציהונג פון קינד, פון ה. סאַלוצקי — — — — — — — — — — $1.50
17) קאָאָפּעראַציע, פון א. סטאָלינסקי — — $1.50
18) קאַרל מאַרקס (ביאָגראַפיע) — — — — $1.00
19) די אידישע אַרב.-רינג שולען, פון יעקב לעווין — — — — — — — — — — 20 ס.
20) די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, פון פּראָפ. איליא חפץ — — — — — — — — — $2.00
21) שפּילען פאַר קינדער, פון י. שטיינבוים — $1.50

**פאַר מיטגלידער פון אַרבייטער-רינג קאָסטען אַלע ביכער אַ העלפט.**

THE FRIEND



דער פריינד

VOL. XIII. MAY, 1922 No.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

אונטער שווערע אומשטענדען

אונטער אויסערגעוויינליך שווערע אומשטענדען האָט אונזער גענעראל עקזעקוטיווע דורכגעפירט די פליכטען און די אויפגאבען, וואָס זיינען אויף איר ארויפגעלייגט געוואָרען אין דעם אָט וואָס פארגאנגענעם קאָנווענשאָן־יאָר. עס קען כמעט מיט זיכערהייט באהויפטעט ווערען, אז קיין עקזעקוטיוו קאָמיטע פון א. ר. איז ניט אויסגעקומען צו ארבעטען אונטער אזוי פיל קאָמבינירטע און פארשידענארטיגע שטערונגען און שטרויכלונגען; דער שווערער עקאָנאָמישער קריזיס איבער'ן לאנד, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין שטאָט אָדער שטעטעל; די אומערהערטע שטרייך־מגפה, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט אלס רעזולטאט; די לאנגע, ביטערע און פארצווייגענע סטרייקס, אָדער ערב־סטרייקס, וואָס האָבען אויפגעטרייסעלט די צענטערס פון די אידישע ארבעטער; די שווערינקייטען פון ארגאניזירען די ארבעט אין דער נייער עראָבערטער סטייט פון מאסאטשוזעטס; און וואָס איז פיליייכט נאָך וויכטיגער: דער ברודער־קריג אין דער סאָציאליסטישער און ארבעטער־באוועגונג, וואָס האָט אויך ניט אויסגעמיטען דעם א. ר. — אָט די אלע שטרויכלונגען האָבען געמוזט לייגען א זייער שווערען שטעמפעל אויף דער גאנצער ארבעט.

נעמען מיר נאָך אין אָנבאטראכט, אז דער א. ר. האָט פאר דעם יאָר ווייטער פאָרגעזעצט זיין אומאויפהערליכער אנטוויקלונג, אז די אויפגאבען האָבען זיך פארצווייפאכט, און ממילא שוין אויך זיינע פראנטוואָרטליכקייטען, — וועלען מיר זיך שוין קענען משער זיין מיט וואָס פאר א אָנשטרענגונגען און פיבער אונזער גענעראל עקזעקוטיווע איז אויסגעקומען צו ארבעטען.

עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס עס איז דעם יאָר אויסגעקומען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע צו האָבען פארצוויגענערע און אָפטערע מיטינגען, ווי אין וועלכען עס איז פון די פאָריגע יאָרען. אין חודש פעברואר אליין האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע געהאט 5 גענעראל עקזעקוטיוו מיטינגען, א חוץ די וועכענטליכע מיטינגען אין די צעטיילטע קאָמיטעס.

מיר זיינען זיכער, אז אונזערע לעזער וועלען זיך ניט באנוגענען מיט די אנגעוואָרפענע שטריכען אין דעם ארטיקעל, און וועלען ניט שפּאָרען קיין אויפמערקזאמקייט און גרינדליך דורכשטודירען די באריכטען פון אלע פארוואלטענדע קאָמיטעס, וואָס זיינען געדרוקט אין דעם נומער און אילוסטרירט אין א גאנצער רייע פון סטאטיסטישע טאבעלען. עס איז ניטא קיין גרעסערער טעות, ווי צו מיינען, אז מען קען קריגען א ריכטיגען באגריף וועגען דער ארבעט פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיווע דורכ'ן יאָר פון דעם וואָס מען האָט איבערגעלעזען ד ע ם עדיטאָריעל, אָדער י ע נ ע ם קורצען באריכט. די וואָס וועלען זיך באמיען דורכצוגיין גענוי אלע באריכטען, וועלען געוויס באלוינט ווערען מיט די פיל ערפארונגען, וואָס אונזערע פארוואלטענדע קאָמיטעס האָבען דורכגעמאכט דעם יאָר און וועט זיין אימשטאנד אינטעליגענט צו אורטיילען, צי האָט אונזער עקזעקוטיוו קאָמיטע געוויסענהאפט דורכגעפירט אירע אויפגאבען, וואָס די מיטגלידערשאפט האָט אויף איר ארויפגעלייגט.

נאטירליך, וועגען דעם וועט אויך אורטיילען אונזער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ. מיר זיינען אָבער זיכער, אז דער אורטייל וועט בשום אופן ניט וואַרפען קיין שאָטען אויף דער ארבעטזאמקייט און אָפּערווילינקייט פון דער נאציאָנאלער פארוואלטונג.

אמת, מיר קומען ניט דעם יאָר מיט א גרויסען צואוואוקס אין דער מיטגלידערשאפט, אָבער אנדערע אָרדענס וואָלטען זיך געוואונשען אפילו אויף דעם געביט צו קענען זיך מעסטען מיט אונזער רינג. אונזער קאַפּיטאל איז רייכער געוואָרען מיט א האלבען מיליאָן דאָלאר. אונזערע אינסטיטוציעס האָבען זיך כסדר פארשטארקט. אונזער וואליואיישאָן האָט זיך געהויבען. די דעפיציטען אין איינינע פאָנדען, מיט וועלכע מיר קומען, זיינען פון אזא כאראקטער, וואָס קענען אָן קיינע באדייטענדע אָנשטרענגונגען פון דער מיטגלידערשאפט גוטגעמאכט ווערען. און דער אלגעמיינער צושטאנד פון אונזער אָרדען אלס גאנצער איז נאָך קיינמאָל ניט געוועזען אזוי גלענצענד, אזוי זיכער און אזוי פיל צוזאָגענדיג, ווי דער צושטאנד, אין וועלכען אונזער עקזעקוטיוו קאָם. וועט אים איבערגעבען אין די הענט פון די ערשט אויסערוויילטע.

כמעט אלע קאָמיטעס האָבען גלייך בייגעטראָגען צו דער שווערער ארבעט. יעדע קאָמיטע האָט צוגעטראָגען איר חלק. און אפילו די עדיוקיישאָנאל קאָם., וואָס באשטייט געוויינליך פון זייער פארנומענע מענטשיין, און עטליכע פון זיי איז געוועזען שווער פינקטליך צו קומען צו די מיטינגען, האָט אויך אָנצוּווייזען אויף א מאסע אויפטואונגען, סיי אויף דעם א. ר. שולגעביט, סיי אין דער אלגעמיינער ארבעט פון בילדונג און אויפקלערונג צווישען אונזערע מיטגלידער.

עס קומט אָבער שטענדיג אוים די אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע דורכצופירען די שווערסטע און פאראנטוואָרטליכסטע ארבעטען. זי האָט דאָס אויך ד ע ם שווערען יאָר ניט פארפעלט צו טאָן. זי האָט סטימולירט די פארשידענע קאמפּיינס, וואָס די גענ. עקזעקוטיווע האָט אָנגעפירט, אויף דעם געביט פון פארגרעסערען די מיטגלידערשאפט, פון אָפּשטעלען די שטרייך־מגפה, פון דער אידישער רעליף, פון דעם רוסישען רעליף, פון דעם „האיאס", און וואו מ'האָט נאָר געדארפט רופען, וועקען, טאָן, אָרגאניזירען — איז זי געוועזען אויפ'ן פּלאַץ. א סך ארבעט האָט זי אוועקגעלייגט צו קאָנסאלידירען די ניי־געוואונענע פּאָזיציעס אין מאסאטשוזעטס. זי האָט אויך פיל מיטגעהאָלפען דער עדיוקיישאָנאל קאָם. ביי פארשידענע געלעגענהייטען און געארבעט מיט איר האנט אין האנט, ווען עס איז נאָר אויסגעקומען.

דער אָפּיס קאָמיטע איז אויך אויסגעקומען צו באגעגענען זיך מיט פיל שווערינקייטען. צוליב דעם קריזיס זיינען פיל ברענטשעס געבליבען אונטערשטעליג אין זייערע צאָלונגען. עס

איז אויסגעקומען דער קאָמ. צו טאָן, ניט נאָר דאָס מאָנען אויף א סטערעאָטיפּנעם שטייגער, נאָר אָפּטמאָל אויך צו אונטערזוכען יעדען פאַל באַזונדער, אויסצופאָרשען די לאַגע אין פאַרשידענע ברענטשעס, און טאַקע אויך באַזוכט אייניגע שטעט, ביז עס איז געלונגען צו דערגיין, וואו עס ליגען די וואָרצלען פון דעם איבעל. אין די מערסטע פאַלען זיינען די ברענטשעס געוואָרען ווידער גוטשטייענדיג. די אָפּיס קאָמיטע האָט זיך אויך שטאַרק באַשעפטיגט מיט די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון לעגאַליזאַציע אין אייניגע סטייטס. זי האָט אויך ענערגיש געזען צו לייזען די פראַגע פון באַקומען גענוג רוים פאַר'ן אָפּיס, און אויב איר איז נאָך דערווייל ניט געלונגען איינגאַנצען צו לייזען דאָס פּראָבלעם, האָט זי אָבער צוזאַמען מיט'ן גענ. סעק. געטאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגליך געוועזן צו רעאַראַנזשירען די פאַרשידענע צימערען אויף א בעסערען און באַקוועמערען אופן.

די בענעפיט קאָמ. האָט דעם יאָר אויך געהאַט א פאַרהעלטניסמעסיג שווערע ארבעט. זי האָט פאָרגעזעצט די אונטערזוכונגען, וואָס די פריערדיגע בענעפיט קאָמ. האָט אונטערנומען, בנוגע די ברענטשעס, וואָס האָבען געצויגען באַדייטענד גרויסע סומען בענעפיט. זי האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט און אויסגעפאָרשט פאַרשידענע פאַלען און עס איז אָן צווייפעל געלונגען צו שפּאָרען אונזער אָרדען באַדייטענדע סומען. דער פאָרזוך, [illegible] וועט איצט געמאַכט ווערען אויף דער טאָראָנטאָער קאָנווענשאָן אָפּצושאַפען די קאָמיטע, איז ניט צוליב דער אורזאַך, וואָס די קאָמיטע „זיצט אָן א שטאָך ארבעט“, נאָר צוליב דעם, וואָס איר ארבעט איז ענג פאַרבונדען מיט דעם אָפּיס, און וואָלט אויך געקענט דורכגעפירט ווערען דורך דער אָפּיס קאָמ.

די גריווענס קאָמיטע האָט פיליייכט ניט געהאַט אַזאַ גרויסע צאָל „קייסעס“, ווי די פאַר־א־יאָריגע, אָבער דערפאַר האָט זי זיי געהאַט מערסטענטייל פון א פּרינציפּיעלען כאַראַקטער. זי האָט זיך באַמיט אין א גאַנצע רייע פון „קייסעס“ צו מאַכען גרינדליכע אונטערזוכונגען און די קאָנווענשאָן וועט דאָס געוויסען ווי אָפּצושאַצען.

אין אונזער סאַניטאַריום האָבען מיר געהאַט א שטילען יאָר. אָבער דאָס מיינט ניט, אז די סאַניטאַריום קאָמיטע איז געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט. פאַרקערט, די רואיגקייט אין סאַניטאַריום האָט איר געגעבען די מעגליכקייט צו מאַכען פאַרשידענע נייטיגע אויסבעסערונגען, אין סאַניטאַריום גופא, ווי אויך אַרום אים. זי האָט זיך זייער שטאַרק געזאָרגט וועגען די קולטורעל עסטעטישע נויטען פון די פּאַציענטען. א רייע רייכע קאָנצערטען און פאַרוויילונגען זיינען דורכגעפירט געוואָרען אימפּאָזאַנט און פייערליך, אָבער ניט אויף אַזאַ אופן, אז עס זאָל אויפרעגען דעם פּאַציענט. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אויך געמאַכט א ספּעציעלען שטודיום אין די קאָסטען פון אויפהאַלטונג און עס איז איר געלונגען צו מאַכען באַדייטענדע עקאָנאָמיעס, דורך דער אָנשטעלונג פון א פּעאיגען מענעדזשער, אין דער זעלבער צייט, וואָס די באַקוועמליכקייטען פאַר די פּאַציענטען האָבען זיך נאָך פיל פאַרגרעסערט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט א ביסעל געליטען דערפון, וואָס ניט אַלע אירע מיטגלידער האָבען זיך געקענט באַטייליגען אַקטיוו אין דער ארבעט. אָבער טראָץ דעם האָט דער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט נאָך מער אויסגעברייט זיינע אַקטיוויטעטען אויף פאַרשידענע געביטען. דער שול־וועזען איז אויסגעוואַקסען אין א וויכטיגער סיסטעם. פאַרשידענע נייע בילדונגס־אינסטיטוציעס זיינען אויסגעוואַקסען און אָרגאַניזירט געוואָרען. עס זיינען געשטיצט און דערמוטיגט געוואָרען נייע א. ר. קונסט־אינסטיטוציעס, און זי האָט דורכגעפירט א חוץ די לעקציעס אין און אַרום ניו־יאָרק, אויך א לענגערען לעקציע־טור מיט גענ. מ. האָלטמאַן.

אַט אַזוי קומען מיר מיט א סך־הכל פון וויכטיגע אויפטואונגען אויף אַלע א. ר. געביטען, טראָץ די אומגינסטיגע אומשטענדען, טראָץ דעם שווערען קריזיס און טראָץ די אינערליכע פּאַרטיי־צוויסטיגקייטען. דער א. ר. [illegible] געפּרובט אין

וואַסער און אין פייער און קיין שטורעם קען אים פון זיינע וואָרצלען ניט רירען.

* * *

**דער דריטער א. ר. שול־צוזאַמענפאָר**

פון דעם 14־טען ביז'ן 17־טען אפּריל איז פאָרגעקומען דער דריטער שול־צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע. נאָענט צו 70 דעלעגאַטען, לערער און טוער פון די א. ר. שולען זיינען זיך צונויפגעפאָרען, צו באַטראַכטען די פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר דער שול־באַוועגונג. עס זיינען אויסגעהערט און דיסקוטירט געוואָרען די באַריכטען פון די נאַציאָנאַלע באַאַמטע, עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרען א באַנייטע און מער קאָנצענטרירטע פּראָגראַם פאַר די לימודים אין אונזערע שולען און פאַר דער מיטעל־שול. עס זיינען פאָרגעטראָגען געוואָרען א רייע רעפעראַטען, וועגען עטיק אין אונזער שול, וועגען איר אידישען און סאָציאַליסטישען עלעמענט, וועגען די נייע עקספּערימענטען אויפ'ן פּעדאַגאָגישען געביט און עס זיינען א חוץ דעם באַטראַכט געוואָרען א גאַנצע רייע פּראַקטישע פראַגען אין פאַרבינדונג מיט די טאָג־טעגליכע נויטען פון דער באַוועגונג.

דער צוזאַמענפאָר ווערט באַטראַכט פון אַלע אָנטיילנעמער פאַר א באַדייטענדען ערפאָלג אויפ'ן ווייטערען עטאַפּ פון דער א. ר. שול־באַוועגונג. א גענויער באַריכט וועגען דעם צוזאַמענפאָר וועט ערשיינען אין דעם קומענדיגען נומער „פריינד“.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָבער אין אַלגעמיין פעסטגעשטעלט, אז אַפילו דער פאַרגאַנגענער ביטערער יאָר האָט ניט געקענט אָפּשטעלען דעם ווייטערדיגען וואוקס פון דער שול־באַוועגונג אין א. ר. — די דעלעגאַטען, סיי לערער, סיי טוער, האָבען דאָס באַשטעטיגט אויף פאַרשידענע אופנים. עס בלייבט נאָר איבער פאַר די א. ר. מיטגלידער צו העלפען די טוער אויף די ערטער מיט אַלץ וואָס זיי קענען.

* * *

**25־יערליכער יובילעאום פון „פאָרווערטס“**

די אידישע ארבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע פייערט דעם 23־טען אפּריל דעם 25־יעריגען יובילעאום פון „פאָרווערטס“. אייגענטליך איז דאָס טאַקע אויך איר אייגענער יובילעאום. זי איז אַליין אויך פאַר דער צייט אויסגעוואַקסען ריזיג גרויס. אין פיל פּרטים איז־דאָס א ביין פון איר ביין און פלייש פון איר פלייש. עס איז זיי שווער פאַנאַנדערצוטיילען. ביידענס געשיכטע איז דורכגעוועבט מיט די פעדים פון דער אַמעריקאַנער ווירקליכקייט.

דער ריזיגער ערפאָלג פון „פאָרווערטס“ אויף דעם געביט פון פאַרשפּרייטונג, האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער אידישער פּרעסע אין אַלגעמיין און פון דער אידישער ארבעטער־פּרעסע איבערהויפּט. אונז דוכט, אז עס איז איבערהויפּט ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט אַן ארבעטער־צייטונג, וואָס זאָל געקויפט ווערען יעדען טאָג אין נאָענט צו 200,000 עקזעמפּלאַרען. דאָס איז דאָך כמעט אַזוי פיל, ווי אַלע אידישע טעגליכע צייטונגען אין דער וועלט צוזאַמענגענומען. דאָס איז איינער פון די זעלטענע צופאַלען, אז אַן ארבעטער־צייטונג זאָל ניט דאַרפען פאַלען פינאַנציעל צו לאַסט אויף די ארבעטער, נאָר פאַרקערט, — זאָל נאָך קענען צוהעלפען פינאַנציעל פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון דער ארבעטער־באַוועגונג.

דער ארבעטער־רינג האָט זיך קיינמאָל ניט גענייטיגט אין דער פינאַנציעלער שטיצע פון „פאָרווערטס“. מאָראַלע הילף, אָבער, האָט דער א. ר. באַקומען פון „פאָרווערטס“ ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען. דער „פאָרווערטס“ האָט איצט א ספּעציעלע אָפּטיילונג פון א. ר. נייעס, וואו עס שפּיגעלט זיך אָפּ די טעטיגקייטען פון א. ר. אויף פאַרשידענע געביטען.

מיר ווינשען די אַרויסגעבער פון „פאָרווערטס“, אז די אידעע פון סאָציאַליזם, וואָס זיי האָבען געפּרעדיגט פאַר די לעצטע 25 יאָר, זאָל אין גיכען ווערען פאַרווירקליכט אַזוי ברייט און אַזוי פול, אז איר פאָן זאָל פלאַטערען אין אַלע ווינקעלאַך פון דער וועלט.

# ווילדע קרייטיכער

פון י. ב. ביילין

„פינף „גרינע" יונגע לייט מיט נעמען, וואָס די פּאָליציי האָט בשום אופן נישט געקענט פאַנאַנדערבייסען, זיינען ארויסגעוואָרפען געוואָרען, לעצטע נאַכט, פון טענעמענט הויז אויף 539 איסט 13טע סטריט פאַר ניט באַצאָלען קיין רענט. זיי זיינען געזעסען מעלאַנכאָליש אויף דעם טרעטואַר און האָבען פאַרצווייפעלט געקוקט אויף זייערע בעביכעס, וואָס האָבען זיך געוואַלגערט ארום זיי. א לאָבוסוואַטער אינגעל האָט צוגעליינט א שוועבעלע צו איינעם פון די מאַטראַצען. ווען די פייערלייט זיינען געקומען, איז שוין פון קיין זאַך ניט געבליבען קיין זכר."

— א שטיקעל נייעס אין דער ניו־יאָרקער „טיימס" פון דעם 24־טען מערץ.

א לאָבוסוואַטער אינגעל. איינער פון די צענדליגער טויזענטער, וואָס זיינען אזוי טיפּיש פאַר די געדיכט־באַזעצטע קוואַרטאַלען פון ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ א. אז. וו.... אים איז געפעלען געוואָרען דאָס בילד, ווי די נאַרישע „פּאַרע־נערס" זיצען פאַרכמורעטע איבער זייערע ארויסגעשטעלטע, אָנגעוואָרפענע זאַכען. — רעכט אויף זיי!" — באַשליסט ער גלייך ביי זיך. ער האָט געהערט ניט איין מאָל, ווי זיי, די „פּאַרענערס", זיינען אהער געקומען „מאַכען טראָבעל". ער האָט געהערט, ווי אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען זיי געווען „סלעקערס". ער ווייסט, אז זיי רעדען ניט, נאָר זיי באַלבען עפּעס אומפאַרשטענדליכע ווערטער. אין שול האָט מען אים ניט איין מאָל געלערנט וועגען אמעריקאַניזאַציע, אז מען דאַרף זיין א לאָיאַלער אמעריקאַנער, אז אמעריקע איז די געבענשטע לאַנד אין דער וועלט. ער קען זיך שווערען, אז אויך די „פּאַרענערס" מיט די פאַרצווייפעלטע אויגען האָבען טייוועלשע פּלענער אין זייער הארצען וועגען אמעריקע, דאָס לאַנד פון די בראַווע און פרייע. — „רעכט אויף זיי!" — זאָלען זיי צאָלען רענט. א דאַנק גאָט, וואָס דאָ האָבען מיר נאָך ניט קיין באָלשעוויזם!"

עס קען גאַנץ גרייַלאַך זיין דער פאַל, אז דעם אינגעלס עלטער־עלטערן זיינען מיט דער „מייפלאַוער" גראָד ניט געקומען. מעגליך, אז זיין פאָטער איז אריבערגעקומען אלס דריטער קלאַסינער פּאַסאַזשיר פון דער „ווהייט", אָדער „רעד" סטאַר ליין. גאַנץ מעגליך, אז זיין טאַטע, אָדער מאַמע, רעדט אויך ניט ענגליש־ווי עס דאַרף צו זיין, נאָר אויף איטאַליעניש, אידיש, דייטש, אָדער וועלכע עס איז סלאַווישע שפּראַך. ער אליין אָבער פילט, אז ער איז אַן אמעריקאַנער, מיט 10 קעפּ העכער ווי אָט די פּאַס־קודנע „פּאַרענערס". ער פילט אין זיין הארצען א בלינדען כעס צו זיי, דעם כעס פון א דערוואַקסענעם מענשען, אָבער דאָס דויערט ניט לאַנג. באַלד דערפילט ער צוריק דעם קונדס אין זיך. אי וואָלט ער זיי וועלען אָפּטאָן א שפּיצעל, אזא שפּיצעל, אז אלע ארום זאָלען דאָס דערזען און זאָלען האָבען הנאה. ער דאַרף נאָר איין קלייניגקייט — קריגען אין ערגעץ א שוועבעלע, און דאָס איז דאָך אזוי לייכט צו באַקומען. ער גנב'עט זיך אונטער שטילערהייט, ניט א רייב די שוועבעלע, א שטעק צו צו דעם מאַטראַץ, און אין עטליכע סעקונדען ארום שפּרייט זיך שוין אויס א העלע פלאַמעדיגע פּאַנאָראַמע, מיט ווייס־גראָע קנוילען רויך. עס ווערט א לעבען פאַר די ווייסע חברה'ניקעס פון דער גאַס און דער לאָבוסוואַטער אינגעל באַרימט זיך פאַר זיינע קאָלעגען, אז דאָס האָט ער, טשאַרלי, אויפגעשפּילט די פריילעכע חתונה . . .

ער איז ניט איינער, אָט דער טשאַרלי. טויזענטער אזעלכע שווימלען און גריבלען אין אונזערע קוואַרטאַלען. אונזערע קינדער לעבען אין זייער אַטמאָספערע און נעמען אָן ניט נאָר זייער פאָרם און געשטאַלט, נאָר אויך זייערע פּסיכישע נייגונגען, זייער געשמאַק, זייער פאַראורטיילען און זייערע אבערגלויבענס.

זיינען זיי, די קינדער, שולדיג? איז טשאַרלי, דער בעל־דבר אליין, אפשר שולדיג? האָט ער אמאָל כאָטש געהאַט איין געלעגענהייט צו רעדען מיט א מענשען, וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון א פרעמד לאַנד און רעדט אויף א פרעמדער שפּראַך? האָט ער געהאַט א מעגליכקייט צו דערפילען, אז דער „פּאַרענער" איז אויך א מענש פונקט אזוי ווי ער, אז אים טוט וויי א קלאַפּ, אָדער, וואָס איז נאָך ערגער, א באַליידיגונג? האָט ער ווען עס איז געקענט אריינבליקען אין דער נשמה פון א „פּאַרענער", כאָטש אזוי פלאַך, ווי א אינגעל קען אריינקוקען?

וואָס פאַרע געדאַנקען וואָלטען אָבער באַהערשט דעם מוח פון אָט אזא טשאַרלי, ווען ער לערנט אין אַן ארבעטער־רינג שול?

ער וואָלט גלייך דערפילט סימפּאַטיע מיט די אומגליקליכע, וואָס האָבען פאַרלאָרען די לעצטע זאַך, וואָס זיי האָבען געהאַט — דעם דאַך איבער'ן קאָפּ. אין זיין יונג הארץ וואָלטען זיך אויפגעוואַרעמט שיינע געפילען פון העלפען זיי מיט וואָס ער וואָלט געקענט. אויב ער וואָלט געהאַט צאָרן אין זיין יונגער ברוסט, וואָלט דאָס געווען צו דעם טיראַנישען לענדלאָרד, וואָס האָט צעבראָכען די היים פון פינף יונגע מענשען, און האָט זיי ארויסגעשליידערט מיט זייער ביסעל אָרעמקייט אויפ'ן גאַס. וואָלט ער שוין מער אביסעל פאַרשטאַנען, וואָלט דער צאָרן געריכט געוואָרען קעגען דער אָ ר ד ע נ ו נ ג, וואָס מאַכט מעגליך אזעלכע דערשיינונגען.

ניין, עס איז ניט טשאַרלים שולד — עס איז זיין אומגליק. א קינד פון אומגליקליכע עלטערן, וואָס פאַרשטייען ניט, אז די „פּאָבליק־סקול", אין וועלכער זייער קינד לערנט, איז דער פּלאַץ, וואו די גרעסטע צאָל קינדער ווערען אָנגעשטעקט מיט שאָוויניסטישע געפילען און אידייען. עס איז די עלטערנס שולד, וואָס זיי האָבען זיך ניט פאַרקלערט וועגען דעם טיפען תהום, וואָס דאָס אמעריקאַנער הור־האַ־לעבען האָט אויסגעגראָבען צווישען זיי און צווישען זייערע קינדער.

יע, עס איז די עלטערנס שולד. וואָלטען זיי זיך צוגעהערט צו אונזער רוף, צו אונזער געבעט: „ראַטעוועט אייערע קינדער!" און אָפּגעגעבען זיי אין אונזערע הענט, אין די הענט פון די א. ר. שולען, אין די הענט פון אונזערע ערציער און לערער, וואָלטען ענליכע דערשיינונגען געווען אומדענקבאַר.

אונזערע א. ר. שולען זיינען ניט נאָר די ערטער, וואו אונזערע קינדער לערנען די שפּראַך פון זייערע עלטערן און רינגלען זיך אריין אין דער נאָלדענער קייט פון דער אידישער קולטור, נאָר וואו זיי ווערען אויך באַהויכט מיט די העכסטע אידעאַלען פון דער צייט, מיט דעם מאָראַל פון פאָרגעשריטענעם ארבעטער־קלאַס אויפ'ן וועג צו זיין באַפרייאונג.

וועט איר זיך אָפּזאָגען אין העלפען אונז אויסרייסען מיט די וואָרצעל אלע ווילדע קרייטיכער און צוגרייטען א בליענדען גאָרטען פאַר דער קומענדיגער מענשהייט?

# די הונגערליידענדע אין רוסלאנד

פון יודזשין וו. דעבס

גענ. יודזשין וו. דעבס האט ארויסגעלאזען אן אויפרוף צו אלע אמעריקאנער ארבעטער צו העלפען זייערע הונגעריגע קלאסען־חברים אין רוסלאנד. זיין אויפרוף לייענט זיך ווי פאלגט:

דארט, וואו אונזערע העלדישע חברים האבען געקעמפט און געליטען און זיך מקריב געווען מיט אזא הייליגער זעלבסטאפערונג, וואס האט גאר קיין פארגלייך ניט צו זיך אין דער געשיכטע; דארט, וואו די באלאגערטע רוסישע רעוואלוציאנערען האבען צוריקגעשליידערט יעדע אטאקע פון די פאראייניגטע מעכטע פון דעם וועלט־דעספאטיזם און רעאקציע, אין זייער קאמף פאר דער באפרייאונג פון די ארבעטער; דארטען געפינען זיך מיליאנען מענער, פרויען און קינדער, אויסגעמאגערטע פון שרעקליכען הונגער, וועלכע צאפלען זיך אין די סקעלעטען־פינגער פון דעם גרויזאמען הונגער מלאך המות. די דאזיגע רוסישע חברים אונזערע, וועמעס אומפארגלייכבארע העלדישקייט און אפערווילינגקייט האבען באגייסטערט און דערפרייט די הערצער פון די ארבעטער פון אלע לענדער, האפען איצט אויף אייך, אמעריקאנער ארבעטער, צו קומען זיי צו הילף אין דעם מורא'דיגען קריזיס, וואס האט זיי באפאלען, און ראטעווען זיי פאר דער מענשהייט און פאר דער אויפבויאונג פון דער רואינירטער וועלט.

די דאזיגע העלדען אין רוסלאנד, וועלכע האבען זייער זאך, אונזער זאך, געמאכט אומשטערבליך; וואס האבען פאר זייער איבערגעבענהייט און געטריישאפט צו די אונטערדריקטע און עקספלואטירטע ארבעטער ניט נאר פון זייער אייגען לאנד, נאר אויך פון דער גאנצער וועלט, באצאלט מיט בלוט און טרערען אין זייער פולער מאס, און מיט אומבאשרייבליכע ליידען, — די דאזיגע העלדען אפעלירען איצט צו אונז נאך ברויט צו ראטעווען זיי פון אונטערגאנג דורכ'ן הונגער. וועלען מיר זיך אפזאגען צו באצאלען זיי כאטש א קליינעם טייל פון דעם, וואס מיר זיינען זיי שולדיג פאר אלע זייערע ליידען אין די שרעקליכע יארען פון דער רעוואלוציע, וואס זיי האבען אנגעפירט צו צערייסען די קייטען פון די ארבעטער אומעטום און צו באפרייען די מענשהייט פון דער אייביגער קללה פון עקספלואטאציע?

אין רוסלאנד האבען אונזערע חברים געליטען אומבאשרייבליכע נויט און ליידען אום צו פארשפארען אונז צו ליידען. זיי זיינען ארומגעגאנגען הונגעריגע און דערפרארענע כדי מיר זאלען קאנען זיין זאט און ווארעם געקליידעט. זיי האבען ארויסגעשטעלט זייער ברוסט־קאסטען קעגען די באיאנעטען און קוילען פון א בארמלאזען הערשענדען קלאס, כדי די גאנצע מענשהייט זאל באפרייט ווערען. נון, זאלען מיר לאזען די דאזיגע מארטירער, די דאזיגע גרויסע נשמות, און זייערע אומגליקליכע קינדער, אויסגיין דערפאר, וואס עס פעלט זיי דער שטיקעל ברויט, וואס מיר האלטען אין האנט?

ניין! טויזענט מאל ניין! מיר וואלטען קיינמאל ניט געקאנט אראפוואשען פון זיך די שולד פאר אונזער נאכלעסיגקייט, אויב מיר וואלטען זיי פארלאזען אין דעם דאזיגען קריטישען מאמענט און וואלטען ניט געגעבען שנעלע הילף; געגעבען נאך אמאל און נאך אמאל אזוי פיל וויפיל מיר קאנען נאר.

די הונגעריגע ארבעטער און פויערים פון סאוועט־רוסלאנד רופען צו אונז אין זייער פארצווייפלונג און וויטאג, און אויב אונזערע הערצער זיינען ניט פון שטיין, קאנען מיר זיי הערען טאג און נאכט. איך אפעליר צו יעדען מיטגליד פון אמעריקאנער ארבעטער־קלאס, צו יעדען מאן, פרוי און קינד, וועלכע סימפאטיזירען מיט שטארבענדע מיטמענשען, צו יעדען מענשען, וועמעס הארץ טראגט א פונק פון רחמנות און וועלכער לעזט מיין אפיל, צו געבען וואס ניכער און וואס מער, ביז דעם לעצטען דאלאר, די לעצטע פעני, וואס מען קאן אפרייסען, צו די „פרענדס אוו סאוועט ראשיא“, אזוי, אז די איצטיגע בייסטייערונגען זאלען ווערען הונדערט מאל גרעסער, און מען זאל קאנען העלפען אזוי פיל ווי מעגליך אין דעם שרעקליכען הונגער, וואס האט באפאלען דער סאוועט רעפובליק. מען מוז ראטעווען די מיליאנען מענשען, ביי וועמען דער הונגער־טויט סטארטשעט אין די אויגען, און וועמעס גרויזאמער שיקזאל וואלט אויף אייביג פארשעמט אונזער מענשהייט און וואלט געלאזען אן אייביגען שמוציגען פלעק אויף אונזער ווייט גערימטער ציוויליזאציע.

# ארום די זון

פון י. ל. קאלושינער

...דרייט זיך די ערד
ארום דער זון,
פאלט פון איר אויף אונז א בליאסק
און צינדט די אויגען אן.
קוקען ברענענדיגע אויגען צו דעם הימעל.
דרייט זיך די וועלט;
וויקעלט אויס פון קעפ ארכיוועך

נייע און נייע געדאנקען
אין א פלאנטער פון באגערען . . .
טורעמט אויס יעדער מענש פאר זיך א גאט
אונטער דער זון.
רייסט זיך יעדערער צו אים ארויף
אין אומבאשרענקטער האפענונג נאך גליק,
און פארבלוטיגט אונטער זיך די ערד.

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאַן

### 10. וואַניני.

אין 17־טען יאָרהונדערט האָט נאָך די אינקוויזיציע געווילדעוועט מיט אַלע אירע גרויזאַמקייטען, הגם דער דאָזיגער יאָרהונדערט באַלאַנגט ניט צום מיטעלאַלטער. מיטעלאַלטער ווערט אָנגערופען די צייט פון דעם נידערפאַל פון דער מערב רוימישער אימפעריע אין יאָר 476 ביז דער רעפאָרמאַציע אין יאָר 1517. אָבער דער 17־טער יאָרהונדערט האָט נאָך געזען שייטערהויפען, פינסטערע געפענגניסען, מאַרטער־קאַמערן, גרויזאַמע אינקוויזיטאָרען, בלוטיגע תליונים, מערדער און נשמה־פאַרקויפער אין אַלערליי געשטאַלטען. די פאַרשטייער פון דעם קאַטאָליציזם האָבען מיט זייערע קעפּ אונטערגעשפּאַרט דעם „כסא הכבוד“ און די פיס געבאָדען אין מענשליך בלוט.

אין יאָר 1600 איז דער גרעסטער דענקער־דיכטער פון רענעסאַנס, — דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ — לעבעדיגערהייד פאַרברענט געוואָרען אויפ'ן פלאַקער־פייער, אין רוים, פאַר זיין אַרויסטרעטען קעגען די הערשענדע רעליגיעז־פילאָזאָפישע ריכטונגען פון יענער צייט. אין 19 יאָר אַרום, אין יאָר 1619, האָט די אינקוויזיציע אומגעבראַכט דעם איטאַליענישען פריידענקער, דיכטער לוציליא, אָדער יוליוס צעזאַר וואַניני, ווייל אין זיין לערע האָט די קירך אַנטדעקט שפּורען פון פאַנטהעאיזם. פאַנטהעאיזם אין די לערע, אַז גאָט און די וועלט איז איינס און דאָסזעלבע, אָדער אַז גאָט איז דאָס איינציגע עקזיסטירענדע וועזען און די וועלט איז איינע פון זיינע ערשיינונגס־פאָרמען און דעריבער איז אַלץ אין דער וועלט געטליך.

וואַניני איז געבוירען געוואָרען אין טאַוריזאַנאַ, אַרום נעאַפּאָל אין יאָר 1584. ער האָט שטודירט טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. צו 20 יאָר האָט ער באַקומען זיין דאָקטאָר טיטעל און איז געוואָרען אַ גייסטליכער. עטליכע יאָר האָט ער געוואַנדערט איבער צענטראַל אייראָפּאַ און געפּריידיגט זיין לערע, וואָס האָט געהאַט אַ פאַנטהעאיסטישע טענדענץ. וואַניני איז געוועזען זייער באַגאַבט, אַ גלענצענדער רעדנער, אַ פאָרשער, אַ מענש, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין גרויסער ליבע צו דער נאַטור. אין יענער צייט האָט וואַניני פאַרעפענטליכט אַ סך ווערק פון וועלכע עס זיינען פאַרבליבען נאָר צוויי. די איבריגע האָט די קירך פאַרברענט. די פאַרבליבענע צוויי זיינען: „אַמפיטעאַטער“ און „דיאַלאָגען“. מען זאָגט אָבער, אַז די „דיאַלאָגען“ האָט ניט ער געשריבען, נאָר זיינע תלמידים. די „דיאַלאָגען“ איז אַ זאַמלונג פון דיסקוסיאָנס אונטערהאַלטונגען, וואָס פאַרקערפּערען וואַנינים מיינונגען אין פאַרשידענע נאַטורוויסענשאַפטליכע פראַגען..

וואַניני איז געוועזען אַ פאָלשטענדיג אומאַבהענגיגער דענקער. אַלע אויטאָריטעטען פון יענער צייט האָט ער אָנערקענט אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי האָבען ניט ווידערשפּראָכען זיין אייגענעם שכל און ערפאַרונג. דער גרונד־שטריך פון זיין כאַראַקטער איז געווען — ליבע צו פרייהייט און צו דער נאַטור. וואַנינים אידעע האָט געקאָנט אויסגעדריקט ווערען: „וואָס נאָר עס פאָרדינט צו עקזיסטירען, פאָרדינט אויך, אַז מען זאָל עס וויסען“. וואַניני האָט געפאָרשט יעדער צווייג פון דער וויסענשאַפט — טעאָלאָגיע, מעדיצין און נאַטורוויסענשאַפט.

אין יאָר 1617 איז וואַניני אַוועק קיין טולוז, אַ שטאָט אין סאַוט וועסטערן פראַנקרייך. אין טולוז איז דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ אין יאָר 1578 געוועזען פּראָפעסאָר. אין יענער צייט האָט טולוז גע'שם'ט מיט איר גרויסער אוניווערזיטעט, וואָס האָט געהאַט צען טויזענט צוהערער. עס פאַרשטייט זיך, וויבאַלד ברונאָ, וועלכער איז אין יענער צייט אַנטלאָפען פון דער אינקוויזיציע, האָט געקאָנט זיין פּראָפעסאָר אין טולוזער אוניווערזיטעט, האָט די אינקוויזיציע דאָרט קיין שליטה ניט געהאַט. אָבער אין יאָר 1580 האָט הענריך פון נאַוואַרא באַזיגט די דאָזיגע שטאָדט און ברונאָ האָט פון דאָרט געמוזט אָפּפאָהרען. אין טולוז האָט אויסגעבראָכען אַ בירגער קריג. צולעצט האָט די אינקוויזיציע אויך דאָרט באַקומען די שליטה.

אין אָט דער שטאָדט האָט אין יאָר 1618 דער שטורם זיך גענומען קלייבען אַרום וואַנינין. דעם 2־טען אויגוסט פון דעם דערמאָנטען יאָר איז וואַניני אַרעסטירט געוואָרען. מען האָט אים באַשולדיגט אין אַטעאיזם, אין גאָטלאָזיגקייט. זיין הויפּט חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט די נאַטור גערופען אַלס קעניגין פון אוניווערזום.

די היסטאָריקער גיבען אַזאַ געמעל פון זיין פּראָצעס:

מען פיהרט אַריין דעם אַרעסטאַנט די הענט געשמידט אין קייטען און באַוואַכט פון טורמע־וועכטער. וואַניני גייט לאַנגזאַם צו צום געריכט'ס טיש. ער איז זייער שיין: הויך, שלאַנק, מיט זייער אַ אינטעליגענטען פּנים, מיט אַ לאַנגער, אַ האָרעלע אויסגעבויגענער נאָז, מיט גרויסע בליצענדיגע אויגען. ער קוקט זיך אַרום, זיינע אויגען בליצען, ווי ביי אַ לייב, וואָס איז פאַרשפּאַרט אין שטייג. ער האָט קאַשטאַניען האָר און די אַליווע פאַרב פון זיין הויט צייגט, אַז אין זיינע אָדערען פליסט שפּאַנישע בלוט. די ריכטער זיצען אומבאַוועגליך, ווי פאַרשטיינערטע, וואַניני איז אומרוהיג, יעדער נערוו וויברירט אין אים.

מען פרעגט וואַנינין וועגען דעם, צו ער גלויבט אין גאָט. ער בויגט זיך איין, הויבט אויף פון די דילען אַ שטיקעל שטרוי און רופט אויס: אָט דאָס שטיקעל שטרוי צווינגט מיר צו גלויבען, אַז עס איז דאָ אַ גאָט. קאָרן, וואָס מען פאַרזעצט אין דער ערד, ווייזט אויס לכתחילה, אַז ס'ווערט פאַרפוילט און אַן ענד פון דעם. אָבער דאָס איז ניט אַזוי. עס הויבט אָן וואַקסען. עס הייבט אָן אויפ'סניי אַרויסקוקען פון דער ערד, עס ווערט גרין, עס ווערט באַקלייט מיט גרינע קליידער, עס ווערט העכער און העכער. דער מאָרגענטוי נעהרט עס, דער רעגען שטאַרקט עס, עס ווערט געל, צייטיג, קומט דער מענטש און קלייבט עס צוזאַמען און שפּייזט זיך דערמיט, עופות און חיות האָבען אויך הנאה דערפון. דאָס צווינגט מיר צו גלויבען, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט.

אַזוי האָט גערעדט פאַר די פאַרכמורעטע, פאַרביזטע און האַרטהאַרציגע ריכטער דער 34 יאָריגער יונגער מאַן, וואַניני, אַ דענקער־דיכטער פון אַ נייעם טיפּ. אַ טיפּ, וואָס האָט זיך נאָר וואָס באַוויזען, אַ מענש מיט אַ צאַרטער, ליבענדער נשמה, וואָס האָט פאַרגעטערט די נאַטור, וואָס האָט געוואָלט, אַז אַלע מענשען זאָלען זיין אַזוי פריי, ווי די נאַטור.

אָבער וואָס איז געווען די פעולה פון וואַנינים פאַרטיידיגונג, פון זיין שיינער, דיכטערשער שפּראַך! די שטרעקע צווישען די ריכטער־הענקער, וואָס זיינען געזעסען אין גאַלונען אויסגעפּוצט אויף זייערע שטולען, און וואַנינין, וואָס איז געשטאַנען ביים געריכט'ס טיש, די הענט אין קייטען געשמידט — האָט געהאַלטען 2־3 איילען, אָבער אין אמת'ן האָבען גאַנצע יאָרהונדערטער זיי אָפּגעטיילט . . . די דאָזיגע הענקער, נשמה־פאַרקויפער האָבען שוין זיכער פון פריער געהאַט אָפּגעמאַכט אומצובריינגען דעם דאָזיגען נאָבעלען יונגען מאַן, וואָס האָט געוואַגט צו דענקען אַנדערש, ווי די קירך האָט געלערענט. און קיין מאַכט אין דער וועלט האָט שוין וואַנינין ניט געקענט אַרויסרייסען פון די לייבען־נעגעל.

וואַניני איז פאַר'משפּט געוואָרען צום טויט אויפ'ן 9־טען פעברואַר אין יאָר 1619. קיין זאַך, — זאָגט קאָזין, — האָט אים איצט ניט געקאָנט רעטען, ניט זיין יוגענד, ניט זיין געלערנזאַמקייט, ניט זיין עלאָקווענץ.

אָט'דער אומגליקליכער מאַרטירער פון דער פילאָזאָפיע און פרייען געדאַנק איז געשלעפּט געוואָרען דורך די טולוזער גאַסען אין אַ געפלאָכטענעם קאָרב (אַזוי פלעגט מען פיהרען אַלע אַפּיקורסים צום עשאַפאָט). געהאַלטען האָט ער זיך זייער מוטיג, אַזוי ווי דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ. אַרויסגייענדיג פון געפענג־

נים, האָט וואַניני געזאָגט: „לאָמיר גיין שטאַרבען פריידיג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פילאָזאָף."

אָט האָט מען אים שוין צוגעשלעפּט צום עשאַפּאָט. אָט האָט מען אים שוין פעסט צוגעבונדען צום סלופּ. דאַן בעט אים דער תליון, ער זאָל ארויסשטעקען די צונג. דער אורטייל איז געווען, אַז מען זאָל וואַנינין ארויסשניידען די צונג און דערנאָך אים פאַרברענען. דאָס וויל ער ניט טאָן. דער תליון עפענט אָבער זיין מויל מיט געוואַלד, כאַפּט אָן די צונג מיט אַ צוואַנג און שלעפּט זי ארויס אויף אַזוי פיל, אַז זיין מעסער זאָל קענען טאָן די אַרבעט. פון מאַרטירערס האַלז רייסט זיך ארויס אַ שטראָם בלוט און אַ שרעקליכער געשריי.

נאָך דעם דאָזיגען ברוטאַלען, אוממענשליכען אַקט. האָט מען זיין קערפּער ארויפגעלייגט אויפ'ן שייטערהויפען און פאַרברענט.

באַלד האָבען זיך ארום שייטערהויפען פאַרזאַמעלט וואַנינים שונאים, וועלכע האָבען צונויפגענומען זיין אַש און אַוועקגעלאָזט מיט'ן ווינט. דאָס זעלבע האָבען זיי געטאָן מיט זיינע ווערק — פאַרברענט און אַוועקגעלאָזט די אַש מיט'ן ווינט.

אָבער דער גייסט פון דעם פרייען געדאַנק, וואָס ברונאָ און וואַניני האָבען געפּריידיגט, האָט זיך אויפגעהויבען פון די שייטערהויפען און אריינגעדרונגען אין די קומענדיגע יאָרהונדערטער, ווי אַ פעניקס איז ער געבוירען געוואָרען פון דער אייגענער אַש. וואַניני איז געווען איינער פון די לעצטע ביישפּילען אין דער היינטיגער אייראָפּאַ פון אַ דענקער מיט אַ באַדייטענדען נאָמען, וואָס איז פאַר'משפט געוואָרען צום טויט פאַר פרייע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. די זון פון דער וויסענשאַפט איז שוין געווען איבער'ן האָריזאָנט. אין דער צייט בעת וואַנינים צושעדיגטער קערפּער איז געווען ארומגענומען מיט פייער-צונגען אין טולוז, האָט בייקאָן, אין אַ פרייער אַטמאָספערע, אויפגעבויט אַ פילאָזאָפישע סיסטעמע, וואָס איז אין גאָר אַ סך פּרטים ענליך צו וואַנינים „דיאַלאָגען". בייקאָן, גאַליליי און אַ סך אַנדערע דענקער האָבען רעוואָלוציאָניזירט דעם געדאַנק פון אייראָפּאַ. איבעראַל האָט גענומען בליהען און זיך פאַרגרעסערען די גייסטיגע פרייהייט. די תליונים מיט זייערע מאַרטער-געצייג, די קירך מיט דער אינקוויזיציע האָבען ניט געקאָנט פאַרלענגערען דעם מענשליכען פרייען געדאַנק. דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם, וואָס האָט פאַר זיך געפונען אַ טרייען שותף אין מיטעלאַלטערליכען באַרבאַריזם, האָט ביסלעכווייז גענומען אָפּטרעטען פאַר'ן שיין פון דער וויסענשאַפט. און, ווי דער דיכטער זאָגט:

„טראַטץ אַללעדעם; אונד אַללעדעם,
טראָטץ דומהייט, לוסט אונד אַללעדעם,
וויר וויסען דאָך — די מענשליכקייט
בעהעלט דען זיעג טראָטץ אַללעדעם."

דעם 9-טען יוני פון יאָר 1889 האָט מען אין רוים, אויפ'ן פּלאַץ „קאַמפּאָ דעי פיאָרי", אויפ'ן זעלביגען פּלאַץ, וואו דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ איז לעבעדיגערהייד פאַרברענט געוואָרען אין יאָר 1600, אים, ברונאָן, געשטעלט אַ גרויסאַרטיגען דענקמאָל אין דער אַנוועזענהייט פון פאָרשטייער פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, בעלגיען, האָלאַנד, שווייץ, נאָרוועגיען, דענעמאַרק, אונגאַרן, גריכענלאַנד, אַמעריקאַ און מעקסיקאָ. דאָס איז געווען אַ גרויסער וועלט יום־טוב. רוים איז געווען גרויסאַרטיג דעקאָרירט, אַלע הייזער זיינען געווען פאַרפּוצט. אויפ'ן „קאַמפּאָ דעי פיאָרי" זיינען געווען אויסגעשטעלט טויזענטער מענשען, ארום ברונאָס דענקמאָל זיינען געשטאַנען אָרקעסטראַס און טויזענטער שטאַנדאַרטען פון פאַרשיידענע אוניווערזיטעטען און געזעלשאַפטען. פּריוואַט הייזער און מלוכה־בנינים זיינען געווען באַהאַנגען מיט טעפּיכער און גירליאַנדען פון בלומען פון דער פאַראייניגטער איטאַליען. אויפ'ן דענקמאָל איז דאָ אָן אויפשריפט: „דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, פון אַ יאָרהונדערט, וואָס ער האָט פאָראויסגעזען, אויף יענעם אָרט, וואו מ'האָט דעם שייטערהויפען אָנגעצונדען".

און פון די זייטען איז דער דענקמאָל באַצירט מיט באַרעליעפען און פאָרטרעטען פון די דענקער — פון ברונאָס פאָרלויפער און תלמידים, וועלכע האָבען געהאַט דעם זעלביגען שיקזאַל, וואָס ער: סערוועט, פּעטער ראַמוס, טהאָמאַס קאַמפּענעלאַ, דזשאָן וויקליף, הוסס, אַנטאָניא פּאַלעאַריא, פּאַול סאַרטי, און וואַניני.

וואַנינים אָנדענק, אַזוי ווי דזשיאָרדאַנאָ ברונאָס, איז זייער טייער אין זיין פאָטערלאַנד, איטאַליען. אין טאַוריזאַנאַ, וואו וואַניני איז געבוירען געוואָרען, ווערט זייער זאָרגזאַם אָפּגעהיט דאָס הויז, וואו וואַניני איז געבוירען געוואָרען, וואו ער האָט זיין קינדהייט פאַרבראַכט. איטליכער ווייס די ווענדלאַך און די ווענען, וואו וואַניני פלעגט זיך שפּילען אַלס קינד, וואו ער האָט זיינע ערשטע איינדריקע באַקומען, ווייל אין זיינע שריפטען האָט זיך דער דענקער־דיכטער ניט איינמאָל אויף זיי אָפּגעשטעלט. ער דערמאָנט זיינע קינדער־יאָרען, זיין גליקליכע יוגענד, די מעשיות, וואָס זיין מוטער פלעגט אים דערציילען און ער רופט אָן טאַוריזאַנאַ „אַ טייערען שטיין אין דעם רינג פונ'ם ערד־קוגעל".

דעם 24-טען סעפּטעמבער פון יאָר 1868 האָט מען וואַנינים ביוסט אַוועקגעשטעלט אין דיסטריקט האָל פון לעקצע, די הויפּטשטאָט פון טאַוריזאַנאַ. טאַוריזאַנאַ האָט היינט נישט קיין גרעסערען און חשוב'ערן היסטאָרישען באַזיץ, ווי דאָס הויז, וואו יוליוס צעזאַר וואַניני איז געבוירען געוואָרען. קומט מען אין יענעם געגענד — גייט מען באַלד אָנקוקען יענע שטיבעל, וואו דער דענקער־דיכטער וואַניני איז געבוירען געוואָרען. די שונאים זיינע, וואָס האָבען זיין אַש מיט'ן ווינט אַוועקגעלאָזט זיינען שוין לאַנג, לאַנג פאַרגעסען געוואָרען. קוים געדיינקט אימיצער די נעמען פון די ריכטער־הענקער, וואָס האָבען ביי אים די צונג אויסגעשניטען און זיין אַש מיט'ן ווינט אַוועקגעלאָזט. וואַנינים נאָמען וועט נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרהונדערטע בלייבען לעבען אינ'ם זכרון פון דער מענשהייט.

# די אַרבעטער רינג שולען

(אַ דין-וחשבון פון איינדרוקען)

פון י. שטיינבוים

צום דריטען מאל וועלען זיך דעם חודש צוזאמענפארען די
לערער און טוער פון ארבעטער-רינג שולען, כדי זיך אפצוגעבען
א שטיקל דין-וחשבון וועגען דער אפגעטוענער ארבעט און מאכען
נייע פלענער און רעוויזיעס. שוין כמעט פיר יאר, ווי מיר
שטייען ביי דער דאזיגער אלט-נייער אינסטיטוציע; און כאטש
פיר יאר איז מער ניט ווי א קורצער אטעם-צוג ווען דאס איז
נוגע אזא סאציאלער אינסטיטוציע, ווי קינדער-דערציאונג, פונ-
דעסטוועגען וועט עס כדאי זיין צו מאכען א מין אלגעמיינעם
סך-הכל פון אונזערע דערגרייכטע און ניט-דערגרייכטע מעשים
און אויף אזא'ן אופן וויסען, וואוהין מיר דארפען ריכטען אונ-
זערע טריט.

וואס האט די ארבעטער-רינג שול אויפגעטאן אין משך פון
איר פיר-יאריגער עקזיסטענץ פאר דער אנטוויקלונג פון דער
מאדערנער אידישער דערציאונג?

איך וועל איר צושרייבען דריי אויפטואונגען. ס'דארף
אבער גלייך באמערקט ווערען, אז די דאזיגע שול האט אין
א גאנץ גרויסער מאס מער נישט ווי ווייטער פארגעזעצט די
ארבעט, וואס האט זיך נאך אנגעהויבען א סך פריער, איידער זי
איז אנטשטאנען.

קודם-כל דארף איר צוגעשריבען ווערען דער פאזיטיווער
פאקט, וואס זי האט די שול-פראגע ארויסגערוקט אויפ'ן פראנט
פונ'ם היגען אידישען ארבעטער-לעבען. ביז דער אנטשטייאונג
פון די א. ר. שולען האט זיך טאקע אויך גערודערט אין דער
היגער וועלט אין שייכות צו אידישער דערציאונג, אבער דאס
איז געווען א מין גערודעריי ווי אין סוויפטס „קליינע מענשע-
לאך" — מער רייד ווי מעשים, מער באמבאסטיק, ווי אקטועלע
ארבעט; און דאס וואס ס'איז אויפגעטאן געווארען איז גע-
ווען, הגם געוואלטיג וויכטיג און השפעה'דיג פאר דער ווייטער-
דיגער אנטוויקלונג פון דער באוועגונג, דאך מילביג-קליין און
לאקאל אין כאראקטער און איינפלוס פאר'ן מאמענט.

די ארבעטער-רינג שול האט די גאנצע באוועגונג געגעבען
א מעכטיגען שטויס פאראויס. שוין דער מאמענט אליין, וואס
די גרעסטע אידישע ארבעטער-ארגאניזאציע האט אפיציעל גע-
לייגט איר הסכמה אויף דער ארבעט, האט געמוזט פירען דער-
צו, אז די מאדערנע שול-באוועגונג זאל ארוים פון די ענגע לא-
קאלע קרייזען און ארייננעשטויסען ווערען אין גרעסערע אידישע
ארבעטערמאסען — און ווערען דעדורך א נאציאנאלע אונ-
טערנעמונג.

און דער דאזיגער שטויס פאראויס איז געווען אויסערגע-
וויינליך וויכטיג ניט בלויז צוליב דעם גרויסען פארנעם פון דער
באוועגונג, צוליב דעם גרויסען שטח וואס זי האט ארייננעצויגען
אין איר טעטיגקייט, נאר באזונדערס צוליב דעם אנזען און
חשיבות, וואס די גאנצע מאדערנע אידישע דערציאונג האט
דעדורך באקומען. און די וואס פארשטייען די געוואלטיגע ראלע,
וואס אפילו אויסערליכער אנזען און חשיבות שפילט אין דער
אנטוויקלונג פון יעדער געזעלשאפטליכער אינסטיטוציע. יענע
וועלען איינזען, אז דער דאזיגער ברייטער פארנעם פון דער אר-
בעטער-רינג שול איז געווען א גוטליכער אויפטו.

און ווי א רעזולטאט דערפון, איז צווייטענס פארשטארקט
געווארען דער קולטור-מצב פון אידישען ארבעטער. פון איין
זייט האט די ארבעטער-רינג שול געפירט דערצו, אז אונזערע
קולטור-כחות זאלען ווערען טעטיג און העלפען געשטאלטען
אונזער היג לעבען אויף א ברייטערען מאסשטאב, ווי ביז אהער,
און פון דער צווייטער זייט האט זי א שטארקען קלאפ געגעבען
יענע אויסערליך אסימילירטע גרופען צווישען דעם אידישען
ארבעטער, וואס האבען זיך שוין געהאט איינגערעדט, אז מיר
שטייען אויפ'ן ריכטיגען וועג בנוגע אונזערע קולטור-נויטען. די
דאזיגע גרופען האבען זיך געפילט שטארק געטראפען פון דער
ארב. רינג שול און ניט קוקענדיג, וואס זיי האבען קאנצענט-
רירט אלע זייערע טעאריעס און ענערגיעס אנטקעגען דער בא-
וועגונג, זיינען זיי דאך ארוים פונ'ם קאמף ווי באזיגטע, ווייל
זיי האבען דעם צווייטען צד ניט שוואכער געמאכט.

ביז דער אנטשטייאונג פון דער ארב. רינג שול, האט מען
אפילו ניט געקענט אנקלאפען אין דער דאַרטיגער פעסטונג פון
הויט-דינער אסימילאציע, וואס איז אבער געווען גאנץ גראב
אין איר איינענער פארלייקענונג.

דער דריטער אויפטו אירער איז דער, וואס מיר האבען, פון
איין זייט, זיך אויפגעהערט צופרידענשטעלען מיט לערנען אידיש
און זינגען „אויפ'ן פריפעטשאק" יעדען שבת און זונטאג, און
האבען אנגעהויבען זוכען נייע ווערטען און מאסען פאר דער
אידישער דערציאונג; און פון דער צווייטער זייט, וואס פון
דער זוכעניש פון נייע ווערטען, האט זיך אויף א ברייטערען און
טיפערען מאסשטאב אנגעהויבען צו קריסטאליזירען א פילא-
סאפיע פון מאדערנער אידישער דערציאונג. די פריערדיגע
פראבען אויף דעם געביט זיינען, דאכט זיך מיר, גיכער געווען
הייל-מיטלען פאר'ן מאמענט, נויט-פאל רפואות, איידער גרונט-
ליכע פארזוכען אוועקצושטעלען דאס אידישע שול-וועזען אויף
א פילאסאפישען „פארוואס".

ס'איז אמת, טאקע, אז זייער ווייניג איז אויפגעטאן גע-
ווארען אויף דעם געביט ביז אהער, דאס מאכט דאך אבער דעם
אויפטו ניט קלענער, מחמת אזא מין טעארעטישע אפשאצונג
פון אידישע ווערטען געהערט ניט צו יענער קאטעגאריע פון
מעשים, וואס לאזען זיך גלייך ארייננשטעלען אין א וועלכער
ס'איז ראמקע.

דאס, ווייזט זיך מיר אויס, זיינען די בולט'סטע פאזיטיווע
אויפטוען פון דער ארב. רינג שול-באוועגונג.

אבער די דאזיגע דערגרייכטע פאזיטיווע רעזולטאטען הא-
בען אומבאמערקטערהיים געפירט צו אן אויבערפלעכליכער פא-
פולאריזאציע פון דער מאדערנער שול-באוועגונג און צו א ניט-
נעמיינטער פארפלאכונג פון אירע אידייען.

אנשטאט די ענגערע אינטעליגענטע קרייזען פון דער פריער-
דיגער פאלקס-שול, איז מען איצטער געשטאנען פנים-אל-פנים
פאר דער גרויסער אידישער ארבעטער-מאסע, וואס האט ליב, ווי
יעדע גרויסע מאסע, אז מען זאל איר אלץ פארטייטשען אויף
„קליינגעלט", אן חקירות.

מען האט דעם גרויסען עולם געגומען ווייזען, אז ער טאר
ניט בויען קיין ת"ת, ווייל זיי פארקריפלען די קינדער און אז
ער טאר זיך ניט באנוגענען מיט דער אמעריקאנער פאבליק-סקול.
נאכמער, ער מוז זיך שטעלען אין קאמף אנטקעגען ביידע אינ-
סטיטוציעס.

און אויפ'ן ארט פון די צוויי אינסטיטוציעס האט מען אים
געראטען: אידיש און סאציאליזם, אדער: סאציאליזם און
אידיש.

מ'האט ניט געקענט אוועקשטעלען א באזונדערע מאדערנע
אידישע אינסטיטוציע, ווייל דאס וואלט גיכער פארטריבען,
אונטער די אומשטענדען, ווי צוגעצויגען. ס'איז דערפאר לייכ-
טער געווען בויען די געביידע פון מאטעריאלען וואס וועלען זיך
באשאפען פון דער געגנערשאפט צו אנדערע אינסטיטוציעס. די
פאבליק-סקול איז אנטי-סאציאליסטיש — מיר וועלען איינפלאנ-
צען די סאציאליסטישע אידייען; די ת"ת איז אנטי-אידיש —
מיר וועלען איינפירען אידיש אויף א מאדערנעם שטייגער.

און אזויערום האבען די אידייען און זייערע אויסדריקער,
די שולען, געגומען גיין האנט-אין-האנט: די שולען האבען זיך
פארשפרייט און די אידייען זיינען צ ע ש פ ר י י ט געווארען,
אבער ניט פארטיפט. דער דראנג נאך א גרינטליכער פאר-
ענטפערונג פון דער מאדערנער אידישער דערציאונג איז פלוצ-
לונג געבליבען שטיין ביי צוויי ווערטער: סאציאליזם און אי-
דיש. ס'איז אפילו ניט געלונגען צו באשאפען א געהעריגען
סינטעז פון די ביידע, אזוי אז איינס זאל ניט פרובירען ארוים-

שטופּען דאָס צווייטע, באַזונדערס דער סאָציאַליזם דעם אידיש.

די רעזולטאַטען פון דעם אָפּשטעל ביי די צוויי ווערטער האָבען זיך גאַנץ פיין געלאָזט פילען. באַזונדערס איז דאָס בולט באַוויזען געוואָרען ווען מ'האָט פון איין זייט פּרובירט דעפינירען די ווערטער, אריינלייגען אין זיי אַן אינהאַלט, און פון דער צווייטער זייט, ווען מ'האָט געוואָלט צו זיי נאָך עפּעס צושטעלען.

ס'האָט דאָ אייגענטליך פּאַסירט דאָס זעלבע, וואָס מיט יעדער גרויסער אידייע, ווען אירע טרעגער אָדער באַגרינדער האָבען זיך אַ לאָז געטאָן מיט איר צום גרויסען עולם, ניט וויסענדיג צי ער איז גרייט דערצו, און ניט פאָראויסזעענדיג די מעגליכע אויסטייטשונגען וואָס דער עולם וועט מאַכען.

די אידייע פון דעם יחיד'ס אַנטוויקלונגס-פרייהייט אין דער קאָלעקטיווער גרופּע איז רעדוצירט געוואָרען צו אינדיווידועלער הפקירות און סאָציאַלער אַנאַרכיע; דער סאָציאַליזם ווערט אומבאַמערקטערהייט רעדוצירט צו אַן אומגעלומפּערטער און אוממעגליכער אידייע פון אַ קומענדיגער אַלזייטיגער גלייכהייט פון אַ ל ע מענשען אין אַ ל ע ענינים; די מענשליכע גאָט- אָדער „פּאַרוואָס“-זוכעניש איז פון איין זייט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּוסטער פאַרגעטערונג פון צלמים און להבדיל ציצית, און פון דער צווייטער זייט אין אַ לויב-געזאַנג צו דער „ברית-מילה“ ליטעראַטור.

אונזערע שולען שטייט פאַר די זעלבע סכנה פון אידייען-פאַרפלאַכונג און פון פאַרגליווערונג, ניט אַזוי צוליב דעם גרויסען עולמ'ס אומפּעאיגקייט טיף צו טראַכטען, ווי צוליב אונזער מורא, אַז ער האָט ניט קיין צייט צו טראַכטען, און צוליב אונזער איינרעדעניש, אַז די מאַסע דאַרף ניט קיין ספקות און מוז אַלצדינג נעמען אויף זיכער און וואָס מ'דערלאַנגט איר מוז אויסזען פעסט און באַשטימט.

דער טאָן, מיט וועלכען מיר וועקען דעם עולם פאַר אונזערע שולען, קלינגט צו הויך, מיר רייסען איבער די טענער. מיר זאָגן מער ווי מיר ווייסען באמת; און ניט נאָר נאַרען מיר אויף אַ געוויסער מאָס אָפּ אונזערע צוהערער, נאָר מיר אַליין נעמען גלויבען, אַז ס'איז אַזוי. אָבער אַזאַ מין איינגערעדטער גלויבען איז געוואַלטיג פּאַסיג פאַר דאָגמעס, וואָס זוכען די אָנהענגער אוועקצושטעלען אויף אַ געוויסען פּונקט פון וועלכען זיי זאָלען ניט קענען אוועקגיין, אָבער ניט פאַר אַן אויפוואַקסענדיגער אינסטיטוציע, וואָס טאָר ניט שטיין אויף אַן אָרט, וואָס מוז זיין באַוועגליך.

מיר ווילען ניט בלויז קיין אידיש בריוועל און אוודאי ווילען מיר ניט קיין זונטאָג-סאָציאַליזם. דאָס מוז קלאָר ווערען סיי פאַר אונז און סיי פאַר די וועמען מיר ציען אויף אונזערע דרכים. אַ אידיש בריוועל וועט פירען צו אַ דערוויילינגער אָרענטליכער באַהאַנדלונג פון אַן אָרימען אידישען אימיגראַנט, וואָס וועט אַהערקומען, און צו אַזעלכע געוואַלטיגע ידיעות, אַז מענדעלע איז געווען דער „זיידע“ פון דער אידישער ליטעראַטור.

זונטאָג-סאָציאַליזם וועט ניט איבערבויען אונזער לעבען דאָ. מיר נייטיגען זיך אין עפּעס גרעסערס, מער דויערהאַפטיגעס. צוזאַמען מיט דער שול, אָדער בעסער: פאַר דער שול, מוזען מיר האָבען אַ הויז, אַ פאַמיליע, אַ גאַס, אַ סאָציאַלע סביבה, פון וועלכער די שול זאָל ציען איר יניקה. ווען מיר וועלען דאָס ניט האָבען, און דער אמת איז, אַז מיר האָבען דאָס דערווייל ניט, וועלען מיר דורכפאַלען אַזוי ווי פעסטאַלאַצי בשעתו: ער האָט געוואָלט בויען אַ נייע שול אין אַלטע הייזער, אריינבלאָזען אַ נשמה אין אַ גוף, וואָס האָט זי ניט געקענט אריבערטראָגען, ווייל ביידע, זיין שול-אידייע און די דאַמאָלסטיגע באַגריפען, זיינען געשטאַנען להיפוך איינס צו דאָס אַנדערע.

מיר מוזען אָנהייבען גראָבען טיפער און אריינגראָבען אין הויז אריין. אונזערע אידייען האָבען זיך גענומען צ ע ש פּ ר י י ט ע ן, ווייל זיי האָבען ניט געשלאָגען אין דעם פונדאַמענט: אין דער פאַמיליע. וועלען זיי אַהין אריינדרינגען, וועלען זיי אָננעמען אַ פּנים, אַ כאַראַקטער. אין הויז וועלען זיי ווערען טיילען פון לעבען, פון אַקטיוויטעט. אונזער שול וועט יעמאָלט זיין ניט קיין הוספה צו עפּעס אַנדערש, און איר עקזיסטענץ וועט זי שעפּען ניט פון אַ נעגאַטיווער שטעלונג צו אַנדערע, נאָר פון אַ פּאָזיטיווער שאַפונג פון דעם אייגענעם.

דער גרויסער עולם מוז וויסען, אַז מיר האַלטען ערשט אין בויען, אַז מיר האָבען דערווייל נאָך ניט באַשאַפען קיין באַשטענדיגס, וואָס דאַרף מער ניט געענדערט ווערען. און הויפּטזעכליך, אַז די בויאונגס-אַרבעט טאָר ניט איבערגעלאָזט ווערען צו דער שול אַליין: קינדער וואָס לערנען בלויז אידיש אין שול און ניט אין הויז, וועלען קיין אידיש ניט קענען; קינדער, וואָס לעבען בלויז פריי אין דער שול און פאַרמאָגען ניט די זעלבע סביבה אין הויז, וועלען דערמיט נאָך ניט ווערען פרייהייט-זוכענדיגע מענשען. מיר מוזען האָבען מער לעבען אין הויז, אין דער פאַמיליע. די שול אַליין וועט קיינמאָל ניט ברענגען די ישועה, ניט די אידישע און ניט די סאָציאַליסטישע.

די אַרב. רינג שול מוז ווערען אַ לעבענס-שול. אַלע דאָגמאַטישע פאָרמולעס וועלען דאַמאָלט פון זיך אַליין אוועקפאַלען, דאָס לעבען אין דער שול וועט זיי אַרויסטרייבען. די אידייע פון דער שול וועט יעמאָלט מער ניט אָפּהענגיג זיין אָן אַ פּראָקלאַמאַציע, אָדער אָן אַ רעדע — זי וועט לעבען אין דער שול, אין אירע טיפענישען.

בשעת מיר ווילען אויסשפּרייטען אונזער שול-נעץ, לאָמיר זיין פאָרזיכטיג, אַז יעדער אַקער לאַנד זאָל זיין גוט פאַרזייט. לאָמיר פאַרוואַרפען איבעררייסענדיגע טענער און דעם גייסט פון אויבערפלאַכליכער פּאָפּולאַריזאַציע—לאָמיר גראָבען טיפער.

פון דער רעדאַקציע: מיר זיינען אין איניגע פּרטים ניט איינשטימיג מיט אונזער געערטען מיטאַרבעטער. מיר וועלען אין איינעם פון די קומענדיגע נומערן זיך אומקערען צו דער פראַגע.

# מענשען לאָמיר מאַכען יום-טוב!

פון א. לוצקי

צינדט די פרייד אין אייערע אויגען,
צינדט די פרייד אין אייערע הערצער,
אין די אויערן!
אין די פליגעל!

וואַרפט דאָס גאָלד פון אייערע טאַשען,
מידע גראָבען דאָס אין חושך —
זעט נאָר וויפיל גאָלד און זילבער
גיסט אויף אייך די זון פון הימעל!

זעט נאָר וויפיל זאַנגען זינגען!
הערט נאָר וויפיל קוואַלען קוועלען!
וויפיל אויבסען אויף די ביימער!
פרייד און ליכט אויף אַלע שוועלען —

מענשען! לאָמיר מאַכען שלום!
לאָמיר זיך ניט דאַרפען קריגען!
לאָמיר זיך ניט דאַרפען זאָרגען!
מענשען! לאָמיר מאַכען יום-טוב!

# אין דער פינסטער

(דערציילונג)

פון אל. גוריה

שוין גרויס טאָג געווען און רחל איז נאָך אין בעט געלעגען, געטראַכט וועגען אויפשטיין, נאָר דער זוניגער זונטאָג־טאָג האָט איר אַלץ געוואָרענט זי זאָל זיך ניט איילען דאָס צו טאָן. רחל האָט זיך מיט פאַרדרוס דורכגעוואָרפען אין בעט. דער פאַרדרוס האָט צו איר גע'טענה'ט: „אַ גאַנצע וואָך קוקסטו אויס אויף דעם זונטאָג. אין שווערען יאָך שיינט ער דיר פון הינטער די שווערע, גרויע טעג אַרויס, מיט אַזוי פיל פאַרשפּרעכונגען זאָגט ער דיר צו צוקומען און ווען ער קומט האָט ער גאָר ניט פאַר דיינעט וועגען. דו ווערסט פון אים נאָך מער פאַרטעמפּט; עס גלוסט זיך דיר ניט לעבען און דו דאַרפסט ניט לעבען.“

האָט זיך דאָס אייגענע ניט געפילט אויף פאַראַכטאָגען זונטאָג? און פאַרצוויי וואָכען זונטאָג? אויך דאַמאָלט האָט זי ניט געהאַט קיין חשק אַרויסצוגיין פון בעט.

ביז פאַרנאַכט האָט זי אומזיסט אויסגעקוקט אויף אַ חבר'טע. די עלטערען, וואָס האָבען זייערע געשעפטען אין גאַס, ווייזען זיך ניט פאַר'ן גאַנצען טאָג אין הויז אַריין. און איינמאָל אין אַזאַ טאָג, פאַרנאַכט, ווען די שטוביגע האָבען זיך גענומען צענויפקומען, האָט זי זיך גאָר געטאָן אַ וואָרף אויפ'ן בעט אַ געקרענקטע, אַן אָפּגענאַרטע.

יאָ, פאַרנאַכט איז געקומען מערי, איר חבר'טע און שאַפּשוועסטער, זי גענומען אין אַ טאַנץ־זאַל. דאָס איז געווען אַ פּאַסירונג מיט אַסך וואָרצלען אַריינגעוואַקסענע אין איר מיידעלשקייט.

רחל האָט דעמאָלט דערקוויקט איר נשמה. מערי האָט פאַרשפּראָכען קומען נאָך איר אויך היינט, כדי מיט איר צו גיין אינ'ם טאַנץ־זאַל.

מערי האָט ליב דעם טאַנץ־זאַל, עס ציט איר אַהין, זי אָטעמט מיט אים אין אירע אַלע געשפּרעכען, זי ווייטאָגט מיט אים אין אַלע אירע אומעטען, אָבער טאַנצען טאַנצט זי ווייניג, כמעט גאָר ניט.

זי, רחל, האָט יאָ געטאַנצט.

ער איז געווען אַ שיינער, אַ הויכער מיט פיינע מאַניערען.

ער האָט מיט איר געטאַנצט אַ וואַלס, און די אַלע טעג, פון דעמאָלט ביז היינט האָט זי זיך בשום אופן ניט געקענט באַפרייען פון אַן ענטדעקונג, אַז עס זיינען פאַראַן מענשען, וואָס זיינען איבערפולט מיט קוואַלענדען לעבען, מיט פייער, וואָס צינדט אָן צו גרויסע פרייד, צו גרויסע באַגערען, נאָר פון דרויסען זיינען אָט די אַלע מענשען קאַלטע ווי די גזלנים.

היינט וועט זי ווידער גיין מיט מערי אין יענעם טאַנץ־זאַל. יענע זאָל נאָר קומען. דאָרט וועט זי מיט דעם הויכען זיך גוט באַקענען און ס'קען זיין אַז זיי וועלען זיך ווערען פריינד.

— פאַרוואָס ניט זען האָבען אַ מאַן פאַר אַ פריינד? — האָט זי שיער אויפ'ן קול אַ געשריי געטאָן און זיך אויפגעזעצט.

רחל האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביים פּנים. דאָס פּנים האָט געברענט. זי האָט זיך באַקוקט די הענט, די הענט זיינען טויט געווען, געל ווי וואַקס און שיטער, ווי אַ וואַסער וואָלט אַרומגעלויפען אונטער דער הויט. זי האָט די הענט אָוועקגעלייגט, געוואָלט ווידער טראַכטען וועגען דאָס פריערדיגע, נאָר ס'איז שוין ניט אַזוי אַרויסגעקומען. עס איז עפּעס געווען אַ געפיל, וואָס האָט געמאָנט די ווידער־אויפוואַכונג פון פאַרדרוס, פון אומצופרידענהייט.

— וויפיל יאָרען האָב איך?

זי האָט זיך דערמאָנט אַז שוין צוואַנציג יאָר, און איז גלייכגילטיג געווען.

זי איז אַראָפּ פון בעט. האַ? דער זונטאָג־מאָרגען שמייכעלט דאָך גאָר. קוקט אַ פרישער, אַ ליכטיגער אַריין צו איר דורך די פענסטער: ס'וועט היינט זיין גוט. גוט, גוט.

פון וואַנען האָט זיך עס פריער גענומען צו איר אַזאַ שווערוואַכדיג געפיל?

און רחל האָט זיך גענומען אָנטאָן. דער טאַטע דאַרף באַלד קומען. דער שטענדיג אומצופרידענער איד האָט אין דער־פרי, אַרויסגייענדיג פון הויז, אַ זאָג געטאָן, אַז ער וועט לאַנג אין גאַס ניט פאַרברענגען. און צו זיין צוזאַמען מיטן בייזען טאַטען אין הויז, ווען די מאַמע איז ניטאָ, האָט רחל קיינמאָל ניט געהאַט קיין חשק. געפילט אָפט מאָל אַ מורא, געפינענדיג זיך אַן קיינעם מיט אים אין הויז. געציטערט פאַר זיין שטענדיגע אומצופרידענקייט, פאַר זיין אַנגעכמורעטקייט, פאַר זיין אייזערנע האַנט, מיט וועלכער ער האָט זיך ערוואָרבען הערשאַפט איבערן גאַנצען הויז.

זי האָט גענומען צונויפשטעלען די גאַרדעראָבע פאַרן זונטאָג. אין מיטען דרינען פון איר יאָגען זיך גיך אָנצוטאָן, האָט זי אַ פיר געטאָן די הענט ווי זי זאָל זיך מיט אימיצען אַרומנעמען. און אַן געזאַנג, מיט צוגעשלאָסענע ליפּען און האַלב פאַרמאַכטע אויגען האָט זי ניואַנסירט, אויסגעשיילט ווי פון כאַאָס אַן אייגענטימליכען ריטמיזירטען מאָטיוו, וואָס איז צו די יעניגע, וועלכע האָבען פאַר אַלץ אַ נאָמען, נאָך ניט ענטפּלעקט געוואָרען.

דער טאַנץ איז אויך פאַר איר אַליין געווען ניט קלאָר. זי האָט אים אַרויסגעלאָזט פון אירע הענט, איר שיין יונגענדליך פּנים, האַלז און בליק, האָבען איר אַ צי געטאָן אין שפּיגעלגלאָז.

— אַ גאַנצע־פרוי! — האָט זי געשמייכעלט, זיך שפּיגלענדיג דורכ'ן שפּיגעל־גלאָז אין איר פול און בויגיגען און שיין אויסגעפאָרמירטען קערפּער.

— אַ גאַנצע פרוי! — דאָס לייב אין זיין רויזען, רויטווייסען פלעקיגען קאָליר, האָט זיך דערפרייט פון דער ענטדעקונג. הינטער דער הויט האָט געברענט און איבער אַלע גלידער זיינען זיך צעלאָפען פלאַמען, וואָס האָבען אַזוי ליב געבושעוועט און מיט דאַנקבאַרקייט איר ווילדע פרייד געגעבען. די הענט האָבען זיך געשפּאַרט ערגעץ, אַ העליש פייער צינדט אָן דאָס גאַנצע הויז מיט אַלץ מיט אַנאַנדער, אַפילו מיט אירע אומעדיגע טעג און זאָרגען.

הינטער איר זיינען אָבער געשטאַנען די צוואַנציג יאָר און געמאַכט פון איר חוזק און אָפּגעלאַכט פון איר פרויענשאַפטליכקייט, פון איר אַנגעקוואָלענקייט, פון איר שטאָלצקייט מיט זיך.

— דו ביסט אַליין — האָט איר גאַנץ געשטאַלט פון שפּיגעל־גלאָז אַרויס גע'טענה'ט.

איז איר אומעטיג געוואָרען. אָבער אין דרויסען איז געווען אַ שיינער טאָג און דער אומעט האָט געמוזט איר אָפּלאָזען, אָנשטאָט אים איז אָבער איר געקומען ווידער די פרייד, און מיט דער פרייד איז געקומען האָפענונג, געקומען זיכערקייט.

דעם טאַטענס קול האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אין דער קיך.

רחל האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו דער טיר, וואָס האָט געפירט צו דער קיך און וועלכע איז ניט געווען מיט וואָס צו פאַרמאַכען. אַ וויילע האָט זי דערפילט אַ שרעק, אַ צוטומלונג, ווען זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי שטייט אַ הוילע פאַר'ן שפּיגעל. אַ הוילע „פרוי“.

— רחל? — האָט דער טאַטע אַ רוף געטאָן אין קיך.

רחל האָט אַ קוק געטאָן אין יענעם ווינקעל וואו ס'איז געווען אַ טיר צו די ווייטערע צימערען, אַ כאַפּ געטאָן די זאַכען, געוואָלט אַהין אַנטלויפען, געזען אָבער ווי ס'פאַלט פון אירע הענט, האָט זי דאָ, וואו זי איז געשטאַנען, געכאַפּט אויף זיך עפּעס.

— טאַטע? אָט קום איך שוין אַרויס.

— פריצ'טע, מיינע! — האָט דער פאָטער דאָרט אַ ברום געטאָן.

— אַזוי לאַנג שלאָפט מען? — האָט ער אָנגעשטעלט אויף איר בייזע אויגען, ווען זי האָט זיך באַוויזען פאַר אים און עפּעס ווי אָפּגעיאָגט פון אים די דאָזיגע בייזקייט.

זי האָט געוואָלט שמייכלען און ניט געקענט; ער האָט,

דוכט זיך, א שמייכעל געטאָן, נאָר אויף זיין פאַרזאָרגט און פאַרכמורעט פּנים האָט דער שמייכעל אויסגעזען ווי א ביטערער איראָנישער גרימאַס.

דאָס האָט איר אָבער איצט גאָר אַנדערש אויסגעזען. אין דער איצטיגער רגע האָט זי זיך צוריק דערפילט ווי א מיידעלע און איז געווען אַדורכגענומען מיט צופרידענקייט, וואָס ער איז בייז. דאָס ערשטע מאָל האָט איר איצט הנאה געטאָן, וואָס זי איז אַליין מיט אים.

— ווער איז אין הויז?

— קיינער. ווייסט דאָך . . . ס'איז דאָך אַזוי אַלע זונטאָג.

— נו, האָסטו געדאַרפט אַזוי לאַנג שלאָפען?

זי האָט ניט געענטפערט. זי האָט געוואָרט, אַז ער זאָל זי שלאָגען.

ער האָט גענומען אונטערהייצען דעם אויוועץ; ער האָט ווי פאַרגעסען זי צו באַשטראָפען.

— האָסט שוין געהאַט פרישטיק? — האָט ער געפרעגט, ברעכענדיג אויף דער ערד האָלץ פאַרן פייער.

דער איד מיט דער ברייטע שוואַרצע באָרד און פאַררוסטען פּנים, ווי ער וואָלט היינט א וואָגען קוילען אויסגעלאָדענט, האָט אַנדערש זיך געוויזען איצט אין אירע אויגען. עס, פּאַסט אים ניט דאָס, וואָס ער איז עפּעס אַנדערש געוואָרען, בעסער געוואָרען. זי האָט דערפילט א רחמנות צו אים. וואָלט ער אָבער געווען, ווי אַלע מאָל, בייז, פאַר'עקשנ'ט, האַרט, אומפאַרצייליך, וואָלט זי אים איצט ליב געהאַט.

רחל'ן איז אָנגעפאַלען, אָן אַן אורזאַך א פאַרלאַנג ארויסצוגיין פון הויז. ניט דאָס, וואָס אין דרויסען איז אַזאַ שיינער טאָג און ניט דאָס, וואָס דאָס האַרץ רעט איר עפּעס וועגען פרייד. דאָ־אין הויז איז דאָך אַזוי אָנגעכמורעט, אַזוי אומבאַשטימט און אפשר די אָנגעכמורעטקייט, די אומבאַשטימטקייט, ווילען עס זי זאָל פון הויז ארויסגיין?

זי וועט גיין.

— וואוהין? — האָט דער פאָטער, מער ערשטוינט, ווי אומצופרידען, אויף איר א קוק געטאָן, ווען זי האָט פּלוצלונג זיך א וואַרף געטאָן אָן אָנגעטונענע אין אירע יום־טוב־קליידער און גענומען גיין צו דער ארויסגאַנג־טיר.

דער איד, האָט אין איר, ניט באַלדיגען ענטפער, דערפילט, אַז די טאָכטער האָט עפּעס אַן אייגענעם באַשלוס געפאַסט — א באַשלוס, וואָס איז פרעמד צו אים.

און רחל, צו איר אייגענער פאַרוואונדערונג, האָט אין איין רגע מיט זיך אָפּגעשטימט, ניט צו דערלאָזען מער, אַז דער פאָטער זאָל איבער איר אַזוי פיל דעה האָבען.

— איך מוז גיין — איר ענטפער איז אָבער געווען מער אַן אומצופרידענער, ווי א פעסטער.

— וואוהין, פרעג איך?

— מען וואַרט אויף מיר. א פריינד, — האָט זי א זאָג געטאָן.

זי האָט א פריינדליכען שמייכעל געטאָן, ערשטוינט פאַר דעם איינפאַל.

— א פריינד, טאַטע.

— ווער איז דאָס אַזעלכער, וואָס וואַרט אויף דיר.

— ווער?

— נו, ווער?

דער איד האָט זיך גלייכגעשטעלט. רחל האָט זיך נענטער א רוק געטאָן צו דער טיר. זי האָט שוין געזען ווי די האַנט זיינע נעמט זיך פאַר'ן לעדערנעם רימען, זיין אייזערנע דעה וועט באַלד בריען איר בלוט, די אָדערען אָנצינדען מיט זיין רציחה, מיט זיין כעס.

זאָל ער דאָס טאָן, זי האָט דאָס געבעטעלט מיט איר שוויינען, זי האָט דאָס געוואָלט.

זיינע הענט זיינען אָבער געווען פאַרנומען מיט דער האַק און מיט'ן האָלץ. זיינע אויגען זיינען געווען אויפגעריסענע און ניט בייז. ווי אין זיך צוריקגערוקט האָט ער דערזען, אַז אָנשטאָט זיין נייען יעריגע טאָכטעריל שטייט א פרוי, מיט א מינע, און מיט אַן אויסזען צו זיין איינגעשפּאַרט פאַר אירע רעכט.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צוריק צו זיין אַרבעט, זיך געוואונדערט וואָס רחל שטייט נאָך אַזוי ביי דער טיר און וואַרט, און צום סוף ניט אויסגעהאַלטען, געפרעגט ווייך און רואיג:

— וואוהין ווילסטו דאָס גיין? ווער וואַרט אויף דיר?

— א געליבטער, א חתן, האַ־האַ — האָט דאָס מיידעל ערקלערט און זיך צעלאַכט.

— אַזוי גאָר? — האָט דער איד שוין אויך געשמייכעלט און זיך געשעמט קוקען אין אירע אויגען, — מילא . . . מען לעבט . . . מען דערלעבט. וואו איז ער?

— ער שטייט אונטען אין גאַס און וואַרט אויף מיר. איך גיי אים איצט זען, טאַטע. איך גיי זיך טרעפען מיט „אים", מיט מיין געליבטען. ער איז זייער א שיינער, טאַטאַ, חאַ־חאַ.

דער פאָטער האָט אוועקגעוואָרפען די האַק מיט'ן האָלץ.

— דו זאָגסט א ליגען, רחל, איך האָב דאָך ניט קיינעם געזען אונטען וואַרטענדיג.

רחל האָט געשוויגען.

— וואוהין ווילסטו גיין?

— איך וועל צוריק קומען וועל איך דיר זאָגען וואו איך בין געווען.

— גיי.

איצט האָט שוין רחל'ן באַנג געטאָן דער גאַנצער ענין. אָבער זי האָט זיך געלאָזט גיין. פּאַמעליך און פויל האָט זי געעפענט די טיר און איז ארויס. איר האָט זייער הנאה געטאָן דער איינפאַל וועגען דעם איינגערעטען געליבטען, וואָס וואַרט כלומר'שט אויף איר ערגעץ אין גאַס. די דאָזיגע הנאה האָט איר אָבער אויך פילען געמאַכט א שנאה אין אַלע אירע ווינקעלעך פון האַרץ און פון אָט דער שנאה ארוים איז ווי א ליכט אויפגעגאַנגען א פאַרביגער שיין צו אירע געדאַנקען און זיי האָבען איר צוריקגעגעבען א נייע איינגערעטע פאַרזיכערונג, אַז זי גייט איצט זיך טרעפען מיט א געליבטען. ערגעץ שטייט ער אין גאַס און וואַרט אויף איר. זי וועט אים איצט זען. זי גייט זיך טרעפען מיט אים. מיט אים. זי וועט זיך מיט אים איצט זיכער טרעפען.

אויף דער גאַס, האָט אָבער, דער מיט זון באַגייסטערטער זונטאָג'דיגער טאָג, געוואָרט איר ארויסקומען און איר אריינגערעט: ניטאָ קיין גליק פאַר דיר, ניטאָ קיין גליק פאַר דיר.

רחל האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַר'ן הויז־טיר. די גאַס איז געווען ליידיג. די עטליכע, וואָס האָבען דורכשפּאַצירט די גאַס זיינען געווען פרעמד, האָבען מיט איר קיין שייכות ניט געהאַט.

א יונגער מאַן איז יאָ געשטאַנען אַנטקעגען איבערדיגען טראָטואַר, מיט א זונטאָגדיגען ציגאַר אין מויל און מיט אָפּגעגלאַנצטע שיך. ער האָט געקוקט אויף איר לאַנג און נייגעריג, נאָר אָט איז אונטערגעקומען עפּעס א מיידעל, אויף וועלכער ער האָט הפנים געוואָרט און ביידע זיינען זיי אַוועק.

רחל איז אַרונטער פון די טרעפּלעך כדי אַוועקצוגיין ערגעץ מיט דער גאַס, נאָר ס'האָט זיך דערזען צו ערשט דער מאַמען אָנקומענדיג, דערנאָך, מערי'ן.

דאָס הויז אויפגעלעבט. דער טאַטע אינגאַנצען א געביטענער האָט זיך מאָדנע געדרייט ארום דער מאַמען. מערי האָט געמוזט צוליב טאָן אַלעמען און פאַרבלייבען שוין אויף נאַכט, צו שלאָפען מיט רחל'ן.

רחל האָט געמאָנט ביי מערי איר פאַרשפּרעכונג צו גיין מיט איר אין טאַנץ־זאַל אריין. נאָר די מאַמע, פאַר וועמען דאָס איז געווען א סוד, האָט בלויז דערהערט דאָס וואָרט „גיין" און זי האָט זיך ארויסגעזאָגט געגען ארויסגיין פון הויז.

— זאָל זי גיין, זאָלען זיי גיין ביידע, — האָט דער פאָטער זיך אָנגענומען פאַר די חבר'טעס.

— וואָס ביסטו מיר פּלוצלונג אַזאַ גוטער געוואָרען? — האָט די מאַמע זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען, און געלאַכט צוזאַמען מיט רחל'ן.

— אַז זיי ווילען גיין.

— נו, — האָט די מאַמע א הויב געטאָן מיט די פּלייצעס,

— גוטע צייטען קומען שוין.

---

געלאַכען, ניט געאיילט האָט מערי זיך אויסגעטאָן. רחל איז געשטאַנען א ווייל ביים פענסטער אָן אויסגעטאָנענע.

— איצט וואָלטען מיר געווען זיין צוריקגעקומען פונ'ם טאַנצען, — האָט רחל א זאָג געטאָן, מער צו זיך ווי צו מערי'ן.

— נור דער טאַנצען ליגט דיר אין זין? — האָט מערי א שמייכעל געטאָן, — האָסט גאָר ניט פאַרשפּעטיגט.

— דו ביסט ניט היינט אַזוי, ווי דו פלעגסט זיין אַלע מאָל, ווען דיר איז אויסגעקומען צו שלאָפען מיט מיר. — האָט רחל

איך פאַרגעוואָרפען. — איך וועל דיר באַלד זאָגען די קריינק פון וואָס דו ליידסט.

— ניט אַנדערש איך מוז האָבען אַ יונגען מאַן? — דאָס ווילסטו מיר זאָגען, רחל?

— איז אַן אַנדער זאַך, וואָס דו ווילסט מיר ניט פאַרטרויען.

— דו טראַכסט שטענדיג נאָר וועגען דעם.

— דו לייקענסט, חאַ־חאַ. —

רחל האָט אויפגעקלאַפּט די קישענס און זיך אַ ציא אויס געטאָן אויפ'ן בעט.

— דו האָסט דאָך שיער דאָס בעט צובראָכען.

— דו ביסט אַזוי אויסגערעכענט ווי אַ מאַן, — האָט רחל געלאַכט, — ווי מיין טאַטע. זיי, מאַן, אַזוי גוט, פאַרלעש דאָס ליכט, צועפען מער דאָס פענסטער און קום צו מיר אין בעט. — האָט זי מיט אַ שוואַכע שטים, האַלב פאַרשלאָפען אַרויסגערעדט און געלאַכט.

— אין אַלצדינג, וואו דו קענסט זיך עפּעס ניט דערקלערען איז דער איינציגער אויסוועג דיינער: ליבעס, פּאַרוויקעלטע, צו ניט פּאַרוויקעלטע, — האָט מערי געלאַכט זיך אַריינלייגענדיג אין בעט צו רחל'ן.

דאָס מיידעלישע צימערל איז געווען פינסטער און שטיל. לאַנג שטיל.

— אוועק אַ זונטאָגדיגער טאָג מיט גאָרניט, — האָט רחל ווי פון שלאָף אַרויס אַ זאָג געטאָן, — דו שלאָפסט דאָך נאָך ניט מערי? הערסט, וואָס איך זאָג? געדאַרפט היינט גיין טאַנצען, וואָס דען אַנדערש קענען מיר טאָן? דו שלאָפסט?

— געדאַרפט היינט גיין זיך טרעפען מיט דעם „הויכען“, דאָס ווילסטו זאָגען? — האָט מערי געלאַכט פון שלאָף.

— דו קענסט אים גוט, מערי?

— אין שאַפּ האָב איך די צווייטע פון דיר, — האָט מערי אַרויסגעזייט פון צווישען די פאַרשלאָפענע ליפּען.

— עני? איך קען זי.

— דו דאַרפסט זי קענען, אויב דו קענסט זיך אַליין.

— זי טאַנצט? מיט אים?

— דו וועסט שוין די נאַכט חלום'ן פון טאַנצען.

רחל האָט ניט געדאַרפט ערשט איינשלאָפען כדי צו חלום'ן פון טאַנצען. זי איז געלעגען וואַך און געטאַנצט . . . אַ פאַרשכור'טער טעמפּ איז עס געווען. דער טאַנץ האָט נאָך איצט געפיבערט אין איר בלוט, זי אונטערהייבענדיג. אירע האָר האָבען זיך בעת דעם טאַנץ אַביסעל צעוואָרפען, האָט זי דערהערט ווי יעדער האָר קלינגט צו אַזוי ווי די סטרונעס פון אַן אינסטרומענט. אויך איצט האָט זי דאָס אייגענע דערהערט.

— מערי, דו שלאָפסט?

— ניין.

— לאָמיר פון עפּעס ריידען.

— לאָמיר בעסער שלאָפען. מאָרגען דאַרפען מיר דאָך אַרבעטען.

— ווי געפעלט דיר עני? דער גאַנצער שאַפּ קלינגט מיט איר.

— ווי דו.

— אין שאַפּ הערסטו מיך עפּעס? זי האָט דאָך אַזאַ מאָדנע נעזעל און זי גיט עס אַזאַ ציא צענויף און מיט די אויגעלעך אַזאַ ווינק.

— איך האַס זי.

— דו ווייסט, אַז זי לאַכט גרילצט.

— זי האָט אָבער מזל. איר בליק ווערט אויפגעכאַפּט, איר ריד ווערט באַמערקט.

— אַליין איז זי דאָך אַ גאָר ניט — האָט רחל אַביסעל שפּעטער אַ זאָג געטאָן.

— און די, וואָס מאַכען מיט איר פאַראַד זיינען בעסער? זיינען אויך גאָרניט.

— ווי אַלט ביסטו, מערי?

מערי האָט זיך דורכגעוואָרפען אין בעט און געשוויגען.

— היינט האָב איך דערזען אין שפּיגעל . . . דו שלאָפסט, מערי. — רחל האָט אונטערגעהויבען דעם קאָפּ — דו שלאָפסט דאָך ניט. הערסט ניט וואָס איך רייד צו דיר? ווי געפעלט דיר מיין טאַטע? — האָט זי פּלוצלונג אָפּגעקירעוועט דעם שמועס, — ער איז זייער אַ כעס'ן. אָבער ער האָט זיך אַזוי מאָדנע געביטען. איך פיל, אַז ער קען מיך שוין ניט שלאָגען, ער ווייס עס אויך. הלואי וואָלט ער עס נאָך קענען.

— עס פאַליובעט דיר?

רחל האָט געלאָזט מערי'ן שלאָפען, דערנאָך זיך צוגעטוליעט צו איר מיט'ן גאַנצען קערפּער.

— ווי אַלט ביסטו, מערי?

זי האָט זיך אויפגעזעצט, געבליבען זיצען נעבען דער שלאָפענדער מערי. זי האָט דורכגעלעבט אַ געפיל פון אַבסאָליוטער זיכערקייט, אַז אַלץ וואָס זי טוט און דענקט צו טאָן איז ניט פאַר איר, אַז זי איז אַליין פאַר זיך אויך גאָרניט.

מערי האָט אויפגעמאַכט די אויגען.

— האָסט מיך געפרעגט ווי אַלט כ'בין? וואָס נוצט עס צו וויסען.

אַ ווײַלע אַרום האָט אין דער פינסטער ווער געטוליעט אין קישען אַריין אַ שטיל דערשטיקט געוויין, און פאַר דער אַנדערערס אויסגעשטאַרצטע אויגען האָט אין דער פינסטער אַ בליץ געטאָן אַן אָנגעצונדען פייער, דאָס פייער איז פאַנאַנדערגעפאַלען אין אותיות, און די אותיות שרפה'דיג און גליענדיג האָבען זיך צונויפגעשטעלט אין אַ גלייכע ריי.

רחל האָט האַסטיג אַ וועק געטאָן מערי'ן, די לעצטע האָט נאָך מער אַריינבעהאַלטען די אויגען אין קישען און ניט געוואָלט לאָזען זיך וואָס זאָגען.

רחל האָט געקוקט אינ'ם פינסטערען רוים, וואו ס'האָבען געהאַנגען די גליענדע אותיות און ביז די נשמה האָט אומרחמנות'דיג געבריט זייער צונויפגעשטעלטקייט: צ ו ו אַ נ צ י ג.

# מוטער

פון מלך ראַוויטש

אַט דאָס זיינען די איינגעפאַלענע באַקען,
אַט דאָס די אויסגעפייניגטע רמ״ח אברים,
אַט דאָס דער מקדש, וואָס איז נאָך הייליג פאַרבליבען,
די כותל־מערבי, ווײַנענדיג מיט ליכטפלאַם־צער און שטילע
טרערען;
דאָס איז דאָס לעבען און דער אונטערגאַנג,
דאָס זיינען נאָך טרערען און דאָס איז נאָך געזאַנג.

און ביי וואָס איז נאָך מער מיר צו וויינען פאַרבליבען —
מוטער.
דאָס איז די פלאַם נאָך, וואָס קומט צישענדיג צו צום
געוויסען,
דאַ, דאַ קענסטו נאָך טיילען דעם לעצטען ביסען!
דערמאָן דיך אייטלער מענש!

# אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוון

עטליכע ביישפּילען פאַר אידישע קאָאָפּעראַטאָרס

פון אהרן סטאָלינסקי

## ב. בעלגיען

די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין בעלגיען איז נענטער צונויפגעבונדען מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג ווי די קאָאָפּעראַטיוון פון וועלכען־ניט־איז אַנדער לאַנד. כדי צו האָבען אַ באַגריף איבער די אורזאַכען, וועלכע האָבען געפירט צו דער דאָזיגער האַרמאָניע און צונויפגיסונג, איז נויטווענדיג זיך צו באַקענען כאָטש אַ ביסעל מיט דער געשיכטע פון די בעלגישע קאָאָפּעראַטיוון.

הגם דער ערשטער געזעץ אין בעלגיען, אין באַצוג צו קאָאָפּעראַטיוון איז אָנגענומען געוואָרען אין 1873, האָט פונדעסטוועגען שוין אַ סך פריער עקזיסטירט אַ געוויסע צאָל פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע איז אַנטשטאַנען אַ דאַנק דעם איינפלוס פון דער ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער אַסאָסיאַציע. אָבער דער ריכטיגער אָנפאַנג פון דער בעלגישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג דאַרף גערעכענט ווערען פון יאָר 1881, ווען די „וואָורואיט“ געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרען פון סאָציאַליסטען אין גהענט. מיט אַ יאָר שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרען דאָס „פאָלקס־הויז“ אין ברוסעל, דער „ווערקער“ אין אַנטווערפּען, און דער „פּראָגרעס“ אין זשאָלימאָן. אין 1885 איז געגרינדעט געוואָרען די בעלגישע לייבאָר פּאַרטיי, וואָס באַשטאַנען פון אַ צענדליג קאָאָפּעראַטיוון, טרייד־יוניאָנס און עטליכע פּאָליטישע גרופּען. פון דענסמאָל אָן זיינען די קאָאָפּעראַטיוון געוואָרען דער באַזיס פון דער בעלגיישער אַרבעטער פּאַרטיי. אין לויף פון יאָרען זיינען די קאָאָפּעראַטיוון געוואַקסען אין צאָל און אין שטאַרקייט, אין אַ שנעלערער פּראָפּאָרציע ווי די טרייד־יוניאָנס, און זיינען געוואָרען די באַמבאַרדיר פונקטען פון אָרגאַניזירטען סאָציאַליזם.

דער שנעלער וואוקס פון דער אַרבעטער (לייבאָר) פּאַרטיי האָט אויפגערודערט די פאַרשלאָפענע קלעריקאַלע פּאַרטיי און די לעצטע האָט זיך אויך שנעל אַ נעם געטאָן צו גרינדען אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס און קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען. אָבער דאָס רוב פון די דאָזיגע קאַטוילישע קאָאָפּעראַטיוון איז גאָר אין גיכען געוואָרען „דזשאָינט סטאַק־קאָמפּאַניס“, אָדער כתם געשעפטליכע אונטערנעמונגען. הגם פילע פון די דאָזיגע געזעלשאַפטען צאָלען דיווידענד און האַלטען אָן די אַלגעמיינע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען, קען מען זיי אָבער בשום אופן ניט צורעכענען צו די אמת'ע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, ווייל זיי האָבען ניט קיין שום סאָציאַלע אָדער עטישע אויפגאַבען, אַ חוץ אפשר אָפּצוציען דעם אַרבעטער קלאַס פונם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם.

די בעלגישע אַרבעטער פּאַרטיי קוקט אויף קאָאָפּעראַציע ניט אַלס אַ ציל, נאָר אַלס אַ מ י ט ע ל צום ציל, הגם לעצטענס געפינט זיך אויך אין איר מיטע אַ געוויסע צאָל קאָאָפּעראַטאָרס, וועלכע פּראָפּאַגאַנדירען, אַז די קאָאָפּעראַציע איז ד ע ר ציל פון היעם אַרבעטער קלאַס.

ווארום נאָך אַלעמען, אַוועקוואַרפענדיג אָן אַ זייט האָרשפּאַלטעריי, איז דען ניט דער ענדליכער ציל פון סאָציאַליזם אידענטיש מיט'ן קאָאָפּעראַטיוון שטאַאַט — דער חלום פון די באַרגעשריטענע קאָאָפּעראַטאָרס? שטרעבען דאָך ביידע צו דער פאָלשטענדיגער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם און זיינע אינכטיטוציעס, צו דער סאָציאַליזירונג פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן און פאַרטיילונג, און צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַראייניגונג פון אַלע אַרבעטער אַלס פּראָדוצירער און אַלס קאָנסומערס.

די סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַציע אין בעלגיען, הגם זי איז אַ טייל פון דער אַרבעטער פּאַרטיי, האָט פולע אויטאָנאָמיע אין אַלע אירע האַנדלונגען. זי ווערט אָנערקענט אַלס איינע פון די דריי הויפּט פאָרמען, אין וועלכע די אַקטיוויטעט פונם אַרבעטער קלאַס ווערט איינגעטיילט. סאָציאַליזם, טרייד יוניאָניזם, און קאָאָפּעראַציע זיינען אַן אומצעטיילבאַרע דריי־איינינגקייט. דער אַרבעטער מוז זיך באַנוצען מיט אַ ל ע פאָרמען פון דער דאָזיגער דריי־איינינגקייט, כדי צו דערגרייכען זיין ציל. צו דער צוקונפטיגער פרייער אַרבעטער שטאַאַט וועט זיך אויך דאַרפען באַנוצען מיט אַלע דריי פון די דאָזיגע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען, איז נאַטירליך שווער צו זאָגען. דער רוסישער עקספּערימענט צייגט אונז פאָרלויפיג, אַז מען נויטיגט זיך אין זיי יאָ. נאַטירליך מוזען די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט האָבען געוויסע אַנדערע פונקציעס, ווי זיי האָבען געהאַט אונטערן קאַפּיטאַליזם.

ערב דער לעצטער וועלט־מלחמה האָבען זיך אין בעלגיען געפונען 271 סאָציאַליסטישע אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען בעקערייען, ברויערייען, שפּייז־געשעפטען, דרוקערייען, קליידער־געשעפטען א. אַז. וו. אין לויף פון ערשטען יאָר פון דער מלחמה האָבען די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיוון ממש וואונדער באַוויזען. דער קאָאָפּעראַטיוו איז געוואָרען ד ע ר צענטער פון אַקטיוויטעט. אָבער ביסלעכווייז האָבען די קאָאָפּעראַטיוון אויספאַרקויפט זייערע אָפּגעקליבענע סחורות און נייע איז געווען זעהר שווער צו קריגען. דאָס האָט געצוואונגען איינינגע קאָאָפּעראַטיוון איינגאַנצען צו פאַרמאַכען זייערע געשעפטען און אַנדערע ווידער צו רעדוצירען זייער אומזאַץ ביז צום סאַמע מינימום.

אָבער באַלד נאָך דער מלחמה האָבען זיך די סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַטיוון ווידער גענומען צו דער אַרבעט מיט גאַנץ נייע כחות. אַזוי, למשל, האַלטען זיי יעצט אין מאַכען געוויסע צוזאַמענבינדונגען צווישען די 271 געזעלשאַפטען, זען אַז זיי זאָלען האָבען גנוג סחורות צו פאַרקויפען און אַז זיי זאָלען אויך אימשטאַנד זיין צוריק אָנצופאַנגען זייער פריערדיגע פּראָדוקציאָן.

די סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַטיוון האָבען שוין אַזוי פרי ווי אין 1900 געהאַט אַן אייגענע פעדעראַציע און אַ גרויס־איינקויף (האָלסייל) געזעלשאַפט, אָבער צוליב פילע אורזאַכען איז די פאַראייניגונג ניט געווען קיין גאַנץ ערפאָלגרייכע. פילע קאָאָפּעראַטיוון פלעגען קויפען ביי פּריוואַטע אונטערנעמער, טראָץ די פּראָטעסטען פון דער פעדעראַציע. אָבער די אומשטענדען האָבען זיך לעצטענס אַ סך געענדערט און די פעדעראַציע האָפט אין גיכען צו זיין אימשטאַנד דורכצופירען אַ צענטראַליזאַציאָנס־פּראָגראַם.

אַ חוץ די סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע געפינט זיך אויך אין בעלגיען אַ „נייטראַלע“ קאָאָפּעראַטיווע פעדעראַציע, געגרינדעט פון דער קריסטליכער אַרבעטער פּאַרטיי, וועלכע איז אַ פאַרהעלטניסמעסיג אַ נייע קערפּערשאַפט. דער סאָלידאַריטעטס־געפיל פון די קריסטליכע קאָאָפּעראַטיוון איז זייער אַן אָרימער. יענער קאָאָפּעראַטיוו איז פאַר אַלעם ערשטען פאַראינטערעסירט אין ז י י נ ע געשעפטען, מאַכען וואָס העכערע דיווידענדען, און זאָרגט זיך קנאַפּ־וואָס וועגען די איבריגע קאָאָפּעראַטיוון.

ביידע זאָרטען קאָאָפּעראַטיוון שטרעבען צו מאַכען געוויכע „פּראָפיטען“, אָבער די אַרט און ווייזע ווי אַזוי די דאָזיגע פּראָפיטען ווערען פאַנאַנדערגעטיילט, איז גאַנץ פאַרשידען. די קריסטליכע אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוון גיבען צוריק דעם גרעסטען טייל פון זייערע פּראָפיטען אַלס דיווידענד און באַרעסגעלד צו זייערע מיטגלידער. די סאָציאַליסטישע קאָאָפּעראַטיוען גיבען אַוועק זייערע פּראָפיטען — אָדער ריכטיגער, אָפּגעשפּאָרטע געלדער — צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פאַר פאַרשידענע סאָציאַלע בענעפיטען פון זייערע מיטגלידער. זיי האָבען אייגענע קראַנקען, אַרבייטס־לאָזיגקייט, און סטרייק פאָנדען. ווען אַ מיטגלידער ווערט קראַנק, שוואַך, אָדער צלט — קומט שטענדיג דער קאָאָפּעראַטיוו אים צו הילף. דאָס איז נאַטירליך אַ פיל בעסערער און ליבעראַלערער סיסטעם ווי צאָלען עטליכע דאָלאַר „דיווידענד“ מזומן יעדען יאָר. אין צייט פון אַ וואַהל־קאַמף, אַ גרויסען סטרייק, אָדער סתם עפּעס אַ

# געשלעכטליכע עקסצעסען

פון דר. יוסף טענענבוים

די וועגען פון געשלעכטליכער באפרידיגונג זיינען פארפלאנטערט און פארוויקעלט ווי די וועגען פון א הונדערט־טורמיגען לאבירינט. מען קען דעם ארייגאנג, אבער נישט איינער קען זיך פון דעם לאבירינט שוין מער ניט ארויסבלאנקען אויף דער ליכטיגער וועלט, וואו די זון שיינט אין אלע ווינקעלאך.

די נאטור האט באשאפען א מעכטיגען פאקטאר, וואס העלפט טראגען אויף זיך דעם יאך פון די וועלטען. זי האט לעבעדיג געמאכט א מין געוואלטיגע אורקראפט און אויף איר קארק אנגעשפארט די סלופעס פון דער וועלט. דער פאקטאר איז דער געשלעכטליכער אינסטינקט. באשאפען אלס א בלינדער שקלאף, וואס האט די אויטאמאטישע אויפגאבע צו פארזייען די קערענדלאך פון קומענדיגע דורות און באשאנקען מיט ווילדע כחות, וואס האבען ניט זייער גלייכען, איז אבער דער בלינדער שקלאף אין לויף פון דער אנטוויקלונג געווארען זעענדיג און אנגעהויבען צו קוקען מיט גליענדע, בליצענדע אויגען, פונקט ווי דער לעגענדארער גולם, וואס איז זיך פלוצים באוואוסט געווארען, וואס פאר א געוואלטיגע קרעפטען, בויענדע, ווי צושטערענדע, עס זיינען געבונדען אין זיינע ריזען־פויסטען. איבער די צושטערענדע טענדענצען ווילען מיר דא רעדען.

די קולטור האט פריי געמאכט א סך שקלאפען, די מערסטע טאקי, כדי זיי צו פארשקלאפען אין אנדערע מער איידעלע ספערעס. די קולטור, די אנטוויקלונג האט אויך באפרייט דעם געשלעכטליכען אינסטינקט פון זיין פארוואלינע, צו וועלכער ער איז געווען צוגעקאוועט און אים געמאכט צו זיין ניט מער אפהענגיג פון דעם הויפטציל פון דער נאטור, פון דער פארטפלאנצונג. די נייע, מאדערנע קייטען זיינען אבער נאך גרויזאמער, נאך געפערליכער, און אונטערשיידען זיך פון די עלטערע דורך א קולטורעלער פארפוצונג.

די באפרידיגונג פון דעם געשלעכטליכען באדארף איז געווארען א ציל פאר זיך אליין און האט אנגעהויבען צו פירען איר אייגען לעבען; באפרידיגונג איז א מין וואונש, א מין שטרעבונג נאך שטענדיג גרעסערער באפרידיגונג, א מין דורשט, וואס קיינער קאן ניט לעשען. די באפרידיגונג איז אן אבסטראקט, וואס עקזיסטירט קיין מאל ניט, ווייל יעדער אקט פון באפרידיגונג איז א מין בייטש, וואס טרייבט דעם מענשען צו נאך גרעסערע אנשטרענגונגען, צו אימער ראפינירטערע מיטלען, ווי אזוי צו דערגרייכען דעם זעטיגונגס־פונקט, וואס, ווי געזאגט, ליגט באהאלטען טיפער ווי אונזער געדאנק קען אים דערגרייכען; באגראבען אין גארטען פונ'ם גן־עדן, אדער אין די פלאכען פונ'ם גהינום, פאר וועלכע, ווי באקאנט, עס איז ניטא קיין פלאץ אין דער געאגראפיע.

די באפרידיגונג פונ'ם געשלעכטליכען באדארף, אויב ער ווערט גענומען ווערטליך און אין זיין גאנצער ברייטקייט, איז א מין פאטא־מארגאנא, פונקט ווי דאס גליק, פון וועלכען עס עקזיסטירט נור דער פארלאנג, די פארוואלינע פונ'ם גליק, ניט אבער די ערפילונג, פון דעם גליק אליין. אט פארוואס עס איז פארשטענדליך, אז די, וואס דערגרינטעווען דעם קוואל פון געשלעכטליכער ערעגונג און אויסשעפען אלע אירע טויזענט טעמים, מוזען זינקען אלץ נידעריגער און נידעריגער און דערווייטערען זיך אזוי פון דער געשלעכטליכער באפרידיגונג גופא.

די נידעריגסטע שטופע פון געשלעכטליכע פארבלאנדזשעניש איז די געשלעכטליכע גרויזאמקייט. אביסעל גרויזאמקייט איז פיזיאלאגיש. זי עקזיסטירט ביי חיות און אויך מענטשען קענען ווערען ווילד ווי חיות ביים געשלעכטליכען אקט. פונ'ם קוש ביז צום ביס און פון דאנעט ביז צום שמייסען, בלוטזויגען און עפענען פרויען־בייכער איז א טרעפען־איבערגאנג. דער געשלעכטליכער וואמפיר ווערט קיינמאל ניט זאט און פארצערט זיך אליין. איינ'יגע אבנארמאלע מענטשען קענען ערשט באפרידיגט ווערען, ווען זיי זעען בלוט. זיי שמייסען, אדער ווערען געשמיסען, בייסען, אדער ווערען געביסען, און מאנכע פון די אזוי אנגערופענע „סאדיסטען" באנוגענען זיך ניט מיט דעם געפיל פון שמערץ, אדער דעם אנבליק פון בלוט. דער סענזאציאנעלער פראצעס, וואס האט זיך ערשט ניט לאנג אפגעשפילט אין פאריז מיט דעם „העלד" לאנדרו, באווייזט, ווי ראפינירט אזעלכע מענטשען קענען זיין. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניטא, אז לאנדרו האט ניט פארברענט זיינע קרבנות נור צוליב געלט. געלט קען מען ראבעווען אויך ביי מענער. ווען די פאריזער עקספערטען וואלטען זיך געווען אביסעל מער פארטיפט אין דעם פאל, וואלטען זיי אויך געקומען צו דעם געדאנק, אז לאנדרו איז געווען א „לוסט־מערדער„, ד. ה. א מין משוגע'נער, וואס האט זיין תאוה געקענט זעטיגען נאר דורך פרויען־מארד.

אלע צייטונגען פון דער וועלט, און די ליידיג־גייערס פון דער גאנצער וועלט, האבען זיך צובראכען די קעפ ווי אזוי אזא מיאוס'ער, פיזיש אפשטויסענדער מענטש האט געקענט האבען אזוי פיל גליק ביי פרויען. דער ענטפער איז איינפאך: גלייכע גוטע ברידער געפינען זיך. לאמבראזאס שפאקטיוו וואלט בלי ספק אנטפלעקט ביי אט־א־די אוציילינע פרויען דעם „רעגענעראציאנס צייכען", אז אויך זיי געהערען צום זעלבען געשלעכטליכען פארברעכער־טיפ און אז זיי האבען געצויגען צו לאנדרו ווי דער נעגאטיווער מאגנעט צום פאזיטיווען.

אין איירָאפא עקזיסטירען ספעציעלע פראסטיטוציעס פאר ענליכע, עפעס מילדערערע גרויזאמע סעקסועל־דעגענערירטע, און אין פראנקרייך וואקסען זיי ווי שוועמלאך נאך א רעגען.

מיר ווילען זיך ניט פארפלאנטערן אין דעם פארוויקעלטען געביט פון סעקסועלע פארבלאנדזשענישען און נאר נאך א פאר

---

גרויסער געזעלשאפטליכער באוועגונג, פארנעמען די קאאפעראטיווען שטענדיג דעם אויבען־אן, סיי אין פינאנציעלען, און סיי אין מאראלישען הינזיכט.

אבער די שענסטע אינסטיטוציע פון די בעלגישע ארבעטער קאאפעראטיווען איז די ק י נ ד ע ר ר י י ז ע־ק ל ו ב ע ן. זומער־צייט מאכען די קינדער־קלובען גאנץ אפטע רייזעס און שפאציר־גענג. דער פלאן פון יעדער רייזע איז אויסגעארבעט אזוי, דאס יעדען אווענט געפינען זיך די קינדער אין אן אנדער שטעטעל, וואו זיי פארבלייבען אונטער דער אויפזיכט פונם ארטיגען קאאפעראטיווען צענטער. וואו זיי קומען נאר אן, ווערען די קינדער באגעגנט פון די ארטיגע קאאפעראטיווע קלובען, און זיי מארשירען מיט מוזיק צו דער לאקאלער פאלקס־הויז. די קינדער ווערען צושיקט נאך א באשטימטען אויסגעארבעטען פלאן צו די פאמיליעס פון די קאאפעראטארס אויף צו נעכטיגען. אזעלכע רייזעס ווערען פיל מאל אויך געמאכט איבער דער שווייץ, פראנקרייך, האלאנד און איבער דייטשלאנד (פאר דער מלחמה).

עס איז אמת, אז פינאנציעל אדער קאמערציעל איז די בעלגישע קאאפעראטיווע באוועגונג אין פארגלייך מיט דער ענגלישער, איטאליענישער אדער דייטשער הינטערשטעליג. זי באזיצט ניט אזעלכע גרויסע און פארשידענארטיגע פאבריקען, ווי די ענגלישע קאאפעראטיווען, למשל; זי מאכט ניט קיין הונדערט מיליאנען דאלאר א יאר אומזאץ, ווי מאנכע אייראפעאישע קאאפעראטיווע האלסייל סאסייטים. די יעניגע, וועלכע קוקען אויף קאאפעראציע פון שטאנדפונקט פון גרויסע געשעפטען און הויכע דיווידענדען, ווערען פון די בעלגישע קאאפעראטיווען ניט שטארק באגייסטערט. די יעניגע, אבער, ביי וועלכע דער צוועק פון קאאפעראציע איז דאך ניט דאלארס און סענטען, זי איז דאך אין גרונד גענומען ניט א צ י ל, נאר א מ י ט ע ל צום ציל, נעמליך: צו דער סאציאליזירונג פון דער גאנצער געזעלשאפט, קוקען אויף די בעלגישע קאאפעראטיווען מיט גאנץ אנדערע אויגען. און ווען מיר קוקען אויף די בעלגישע קאאפעראטיווען אט פון דעם דאזיגען שטאנדפונקט, מוזען מיר זיי באטראכטען אלס א מוסטער פון דער קאאפעראטיווער באוועגונג. ווער־ווער, די אידישע קאאפעראטארס האבען זיך געדארפט מיט זיי נענטער באקענען.

פון זיי ווילען מיר דערמאָנען, ווייל יעדער אינטעליגענטער מענש שטויסט זיך אָן אין זיי אין דער טעגליכער ליטעראַטור.

פון זיי בילדען די האָמאָסעקסועלע, אָדער די „גלייכגעשלעכטליכע", די אַממערסטען באַקאַנטע גרופּע.

די גריכען זיינען געווען גרויסע ליבהאָבער פון דעם גלייכען, דעם זעלביגען געשלעכט. מיר געפינען אין דער גריכישער ליטעראַטור פיל אַנעקדאָטען און דערציילונגען וועגען ליבע פון פרויען צו פרויען און פון מענער צו מענער. דער אַלטער גריכישער פילאָזאָף סאָקראַטעס פלעגט פאַרגעסען זיין גאַנצע חכמה דערזעענדיג אַ שיינעם מענליכען קערפּער און פלעגט דערפאַר כאַפּען פּעטש פון זיין בייזער פלונית'טע, די אומשטערבליכע קסאַנטיפּע, די עלטערבאָבע פון אַלע בייזע קליפּות. אויך די אייניקלאַך פון די הייליגע „קלויז'נערס" און די כשר'ע נשמות פלעגען, אַ סך פון זיי, שווערען צום קולטוס פון דעם אייגענעם געשלעכט.

דער האָמאָסעקסואַליסט פאַרקערט מיט דעם אייגענעם מין. אַ סך פון זיי האָבען אויך נאָרמאַלען געשלעכטליכען פאַרקער און עסען נאָר צייטענווייז פון דער פאַרבאָטענער פרוכט, אָבער די מערסטע האָבען אַן עקעל צום „שיינעם" געשלעכט און האָבען דוקא ליב דאָס מיאוס'ע. אין דייטשלאַנד, למשל, האָט מען אַזאַ באַנדע אַנטדעקט צווישען די בעסטע פריינד פון'ם קייזערליכען הויף און אין אַ סך לענדער עקזיסטירען ספּעציעלע מענליכע פּראָסטיטוציעס פאַר דעם צוועק. עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע קלובען פון האָמאָסעקסועלע. אין פּאַריז עקזיסטירט איינער פון די מערסט באַזוכטע „הייזער", וואו אויך אַ פרעמדער קען לייכט געוואָר ווערען די סודות.

אַ פּאָר פון די אומגליקליכע ווערען אַזוי געבוירען. עס פעהלט זיי די עמפּפינדונג פאַר דעם פרעמדען געשלעכט. דער גרעסטער טייל אָבער ווערט אַזוי דערצייגען. די פאַרשידענע פּאַנסיאָנען און שולען, וואו דער גליקליכער פאָטער ברענגט זיין זונדעל, כדי ער זאָל דאָרט לערנען תורה און מעלות טובות, זיינען אָפטמאָל דאָס וויגעלע פון די שלעכטע מידות. די נאַטור איז זיך נוקם. וואָס מער אָפּגעשלאָסען די יונגע לייט זיינען און וואָס מער זיי ווערען אָפּגעהיט, אַז זיי זאָלען חלילה ניט טמא ווערען פון אַ ווייבערישען קוק, אַלץ מער באַשעפטיגען זיי זיך מיט זיך. דאָרט ווערט געבוירען די אָנאַניע און דאָרט לערנט דער יונגער מאַן די סודות פון אייגענגעשלעכטליכער באַפרידיגונג. נאָך ערגער איז עס אין די תפיסות, וואו דער־

---

נפתלי:

# אַ שטיקעלע נבואה

(פעליטאָן לכבוד דער קאָנווענשאָן)

ס'ווילט זיך מיר דאָס מאָל זיין אַ נביא און זאָגען נבואות וועגען אונזער קאָנווענשאָן.

מ'זאָגט אַפילו, אַז אַ נאַר איז אַ נביא, — אָבער וועמען אַרט עס וואָס מ'זאָגט. איך זאָל וועלען קוקען אויף אַלץ, וואָס מ'זאָגט, וואָלט איך אפשר קיין פעליטאָנען ניט געשריבען... איך טו זיך מיינס: איך זאָג נבואות וואָס ביי אונזער היינטיגער קאָנווענשאָן וועט פאָרקומען.

אין אַנדערע צייטען וואָלט איך עס אפשר ניט געטאָן. ס'וואָלט פשוט געווען אַ מורא, אַז דורך דעם וואָס מ'וועט זיך דערוויסען אויף פריער, וואָס ביי דער קאָנווענשאָן וועט פאָרקומען, זאָלען אפשר עטליכע דעלעגאַטען פאַרלירען דעם חשק צו פאָרען אין טאָראָנטאָ, און ס'וועלען מוזען פאָרען די „סאַבסטיטוטס"... און פון אַ קאָנווענשאָן מיט סאַבסטיטוטס האַלט איך ניט אַזוי שטאַרק. אָבער היינטיגען יאָר איז פאַר אַזאַ זאַך ניטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבען — די סאַבסטיטוטס וועט מען שוין זיכער ניט לאָזען פאָרען... די קאָנווענשאָן איז ערגיץ אין אַ פרעמדער מדינה, אין אויסלאַנד, פשוט מחוץ־לארץ. און אין אויסלאַנד, האָבען מיר געזען, פאָרען נאָר „רעגעלע דעלעגאַטען"...

האָב איך דעריבער ניט פאַרוואָס מורא צו האָבען און איך קען מיר פראַנק און פריי אָנגיין מיט מיין „נביאות זאָגען". וועל איך טרעפען, איז גוט, טאָמער חלילה ניט — איז ניט געטראָפען!

נאָר פון וואַנען מ'הייבט אָן, אסור אויב איך ווייס! געוואָלט האָב איך אָנפאַנגען פון פאָרענט און גיין מיט אַ סדר, לויט דער געוויינליכער קאָנווענשאָן טאָג־אָרדענונג. בין איך אָבער שטאַרק מסופק צי די קאָנווענשאָן אַליין וועט היינטיגען יאָר „גיין" מיט אַ סדר און צי עס וועט דאָרט בכלל זיין אָרדענונג... זאָל איך ווידער אָנהייבען פון סוף, טאָ ווער קען וויסען וואָס פאַר אַ סוף אַ קאָנווענשאָן קען האָבען? פאַר־אַ־יאָרען, געדענק איך, האָט די קאָנווענשאָן נעבאַך ניט געהאַט אַזאַ גוטען סוף... קומט אויס, אַז איך זאָל אָנפאַנגען פון מיטען? היינט גיי זיי אַ חכם און טרעף וואו ביי אַ קאָנווענשאָן קומט אויס דער מיטען. אמת, די קאָנווענשאָן וועט די גאַנצע צייט האַלטען אין איין „מיטען". אָבער טאַקי צוליב דעם דאָזיגען „מיטען" קען מען קיינמאָל ניט דערגיין ווען עס האַלט אין מיטען...

הקיצור, ס'איז שלעכט!

מ'מוז דאָך אָבער פאָרט פון עפּיס אָנהייבען? איז מיר איינגעפאַלען אַן המצאה, גאָר אָנצוהייבען מיט — דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

פאַרוואָס עפּיס דוקא מיט דער קאָמיטע?

ראשית, דאַרפט איר וויסען, איז דאָס אַזאַ קאָמיטע, וואָס וועט ביי דער קאָנווענשאָן ווערען באַוויזען, אַז זי איז ביי אונז סיי דער פאָרענט, סיי דער מיטען און סיי דער סאַמע סוף... וחשנית, איז מיט דער קאָמיטע זיך גלאַט גרינג אָנצוהייבען. והשלישית, איז דאָס אַזאַ קאָמיטע, וואָס בעט זיך פשוט, אַז מ'זאָל זיך מיט איר אָנהייבען. ווער עס האָט נאָר גאָט אין האַרצען, כאַפּט ער זיך באַלד פאַר דער דאָזיגער קאָמיטע. היינט פאַרוואָס זאָל איך זיין אַ יוצא מן הכלל?

די דאָזיגע קאָמיטע וועט קומען צו דער קאָנווענשן מיט אַ געדרוקטען און אַ געזאָגטען באַריכט פון מעשים, וואָס וועלען דערציילען וועגען „לעקציעס", וואָס מ'האָט ניט געהאַלטען, וועגען „פריינד", וואָס איז מיט אַמאָל געוואָרען אַ צוויי־מאָנאַטליכער, אָדער גאָר אַ דריי־מאָנאַטליכער זשורנאַל... וועגען אידישע שולען אָן אידישקייט, וועגען אַ „קינדערלאַנד" אָן קינדער, וועגען ביכער וואָס מ'האָט ניט געקענט אַרויסגעבען און וועגען אַ דעפּיציט וואָס מ'האָט יאָ געקענט מאַכען... ס'פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די אַלע זאַכען וועט מען בעטען אַן הוספה, — אַ פּעני צו צוויי פאַר'ן פאָנד. נאָך אַ פּעני פאַר דעם „פריינד", און פאַר די שולען אויך מסתמא עטליכע גראָשען. מ'וועט זיך אַפילו דינגען, מ'וועט אָפּרייסען וויפיל מ'וועט קענען, אָבער עפּיס געבען וועט מען. מיט ליידיגען וועט מען שוין ניט אַוועקפאָרען... דערנאָך וועט די קאָמיטע אַרויסטרעטען מיט אַ טענה, און וועט מסתמא שטאַרק פּראָטעסטירען, למאַי מען וויל איר צוזאַמענפאָרען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, און פון ביידע צוזאַמען מאַכען איין „כל הנערים" קאָמיטע. די הויפּט טענה וועט מסתמא זיין, אַז זי איז שוין אַן אַלטע עטאַבלירטע פירמע, מיט אַ גוט איינגעפונדעוועטען געשעפט, און עס פּאַסט איר גאָר ניט אויף דער עלטער אַריינצונעמען נייע „פּאַרטנערס". אַ נייער פּאַרטנער האָט אַ טבע צו מאַכען נייע פּלענער, צו געבען עצות און האָט גלאַט ליב אַריינצוזאָגען דעות. צו וואָס דאַרף מען דאָס? זי קען דען ניט אַליין, אָן עמיצענס דעה, אָן עמיצענס עצה, געפינען די נויטיגע פּלענער ווי אַזוי צו מאַכען נייע דעפּיציטען?...

נאָר הערען וועט מען איר מסתמא ווי די קאַץ. אַז די קאָנווענשאָן וועט איר איינשפּאַנען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין איין וואָגען וועט זי מוזען גיין אין שפּאַן. אַ ברירה וועט זי האָבען!...

פאַר דעם „גוואַלדאָוונעם" באַריכט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט די קאָנווענשאָן אויך ווייניג־וואָס נתפּעל ווערען. מ'האָט שוין געהערט אַזעלכע באַריכטען. מ'ווייס אַז מען מוז פירען מיטגלידערשאַפט קאַמפּיינס, כדי דער אַרבעטער־רינג זאָל ווערען, ווי זאָגט מען דאָרט: שטאַרקער, מעכטיגער און איינפלוסרייכער, און אַז די „קאַמפּיינס" האָבען זיך היינטיגען יאָר איינגעגעבען, האָט מען דאָך געזען. אַז אַ קאָנפערענץ האָט זיך היינטיגען יאָר געקענט פאַרגינען צו „לאָזען אַוועקגיין" וואָסערע ניינציג דעלעגאַטען און ס'זאָל נאָך איבערבלייבען „גאַנצע" דריי הונדערט און פופציג שטיק, איז דאָך שוין דאָס אַליין אַ סימן, ווי שטאַרק, מעכטיג און איינפלוסרייך דער אַרבעטער־רינג איז געוואָרען.

און אַז די דאָזיגע קאָמיטע וועט בעטען עטליכע סענט מער, וועט מען דען קענען אָפּזאָגען?...

דערנאָך וועט קומען די סאַניטאַריום קאָמיטע און וועט איר פּעקעל צרות פאַנאַנדערוויקלען. אמת, דער פּעקעל וועט ניט זיין אין גאַנצען קיין צרה'דיגער, ס'וועט דאָרט זיין אַביסעל נחת אויך, — נחת פון דעם וואָס מ'האָט געמאַכט עקאָנאָמיע, דאָס הייסט מ'האָט געראָטעוועט אַ פּעדער און געלאָזט אַ „פּערינע". נחת פון דעם וואָס אין פאָנד איז פשוט אומגליך געווען צו מאַכען אַ דעפּיציט. אָבער קיין צרות וועט דאָרט אויך ניט פעלען. אָט האָט גאָר דער „לויק" אויסגעטריקענט, און וועגען דער טריקעניש פון לויק האָט ביי דער קאָמיטע אַ גאַנצען יאָר שיער ניט דער מוח אויסגעטריקענט... די הינער האָבען זיך ניט געלייגט. אַז מען וויל, קען מען זאָגען, אַז זיי האָבען זיך דוקא יאָ געלייגט. אין די „באָנטשעס" האָבען זיי זיך נעבאַך געלייגט. אָבער פון אַזאַ מין לייגען זיינען פאָרט קיין אייער ניט אַרויסגעקומען... נאָר אַ דאגה פון וואָס אַ סאַניטאַריום קאָמיטע קען אַמאָל האָבען צרות, אָדער נחת? אַ קאָנווענשאָן, אָבער, האָט פון אַזאַ קאָמיטע נאָך קיינמאָל קיין נחת ניט געהאַט...

וואָס זשע, מיינט איר, וועט זיין? גאָרניט. וועט זיך געפינען עפּעס אַ דעלעגאַט, וואָס וועט מאַכען אַ פאָרשלאַג צו באַדאַנקען איר פאַר דער אַרבעט — איז גוט. טאָמער חלילה ניט, איז אויך פאַרפאַלען. אַזאַ קאָמיטע קען זיך באַגיין אָן אַ דאַנק פון קאָנווענשאָן אויך...

מיט דער אָפּיס קאָמיטע, גריוועַנס קאָמיטע און בענעפיט קאָ־

װאַקסענע מענשען ווערען אויסגעשלאָסען פונ'ם נאָרמאַלען פאַר־קער, זיי גייען דערנאָך אַרום און פאַרפלאַנצען די קראָפּעווע אין ווייטערע קרייזען. די אַריסטאָקראַטען ווידער טוען עס פאַר וואוילטאָג און טעמפּ־געוואָרענעם געשלעכטליכען אינסטינקט, אַלס אַ רעזולטאַט פון צופיל געשלעכטליכען פאַרקער און אַ וויסטען פריידען־לעבען.

אָט די מענשען זיינען אומגליקליך; זיי זיינען קראַנק, און עס פאַרשטייט זיך, אַז היילען קראַנקע קען מען ניט מיט געזעצען און פאַרפאָלגונגען, נאָר מיט מעדיצינישער ראַט און טאַט און דורך מעדיצינישער, צום טייל, פּסיכישער באַהאַנדלונג און ערציאונג.

איידער מיר וועלען איבערגיין צו דער מער פּראַקטישער זייט פון געשלעכטליכע פאַרבלאָנדזשענישען און געשלעכטליכע שוואַכקייט, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „א י מ־פּ אָ ט ע נ ץ" (מענער־שוואַכקייט), ווילען מיר נאָך פאַרענדיגען די פראַגע פון אַנאַניע, וואָס מיר האָבען באַרירט אין פאָריגען אַרטיקעל.

עס איז נאָך דאָ אַ געביט פון געשלעכטליכע פאַרבלאָנ־דזשענישען, אַ מין אַנאַניע, וואָס מען קען אָנרופען מיט דעם נאָמען ג ע ד אַ נ ק ע ן ־ אַ נ אַ נ י ע.

אַזעלכע מענשען אַנטהאַלטען זיך פון דער גראָבער פיזי־שער זעלבסט־באַפרידיגונג און זינדיגען ניט מיט'ן „ייל־יד", אָבער דערפאַר זיינען זיי טאַקי נאָך מער קראַנק פון זייערע ברידער, איבער וועלכע מיר האָבען ערשט גערעדט.

למשל, אַ פּאַציענט דערציילט, אַז ער האָט לאַנגע יאָרען באַזוכט זיין כלה און זיך געסטאַרעט צו געווינען איר ליבע. ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, ווען ער פלעגט נאָר אָנרירען די קלאַמקע פון איר הויז, אַז ער פלעגט שוין דעמאָלט פילען די באַפרידיגונג. נאָך לאַנגע יאָרען האָט ער פאַרלאָרען דעם אינ־טערעס צו דער כלה, און קען היינט שווער פאַרקערען אויפ'ן נאַטירליכען אופן, נאָר די „קלאַמקע" איז אים נאָך געבליבען. דער גרעסטער טייל פון דעם סאָרט מענשען זיינען פאַרליבט אין פרויען־האָר, למשל, אָבער ניט אין די פרויען גופא. אַ פּאָר יאָר פאַר'ן קריג זיינען געווען באַקאַנט די אַזוי־גערופענע „האָר־שניידער". עס איז געווען אַ פּאַניק אין בערלין. יעדען טאָג

---

מיטע וועט די קאָנוועשאָן אויך ניט מאַכען קיין גרויסע מחזקות. מ'וועט זיי אָפּ'פּטר'ן איינס־צוויי־דריי. מ'שטיינס געזאָגט וואָס זיי האָבען דאָרט צו רעפּאָרטען. ס'וועט דערציילען די אָפּיס קאָמיטע, אַז אין אָפּיס איז ניטאָ וואו זיך אַ קער צו טאָן, מחמת דעם וואָס די צאָל אָנגעשטעלטע אין אָפּיס איז שוין אַזוי גרויס, ווי די צאָל מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. ס'איז ענג, מ'פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס, מ'ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מ'איז, און דאָ האָט מען נאָך צו די צרות „געריוזט" די רענט אויך . . . מ'דאַרף האָבען אַן אייגענעם „האָום־אָפּיס", וועט זי טענה'ן. אָבער דער סוף וועט זיין, זי וועט בלייבען ביי דער טענה. מ'וועט דאָס איבערלאָזען אויף איבער אַ יאָר. און אַזוי ווי ס'איז איצט דאָ אַ רעקאָמענדאַציע צו „מאַכען קלענער" די עקזעקוטיוו קאָמיטע מיט אַ גאַנצער מנין אידען, וועט זיין ממילא אין אָפּיס ווערען אַביסעלע גרוימער . . . .

פון דעם באַריכט, וואָס די גריווענס קאָמיטע וועט אָפּגעבען, וועט אויך ניט זיין וואָס אַרויסצונעמען. אַ משפּט אַהין, אַ משפּט אַהער, וועגען נעכטיגע טעג און טעגליכע נעכט. אָבער וועמען ליגט עס אין זינען היינטיגע צייטען אַזעלכע קליינע משפּטים, ווען מיר האָבען דאָ ניט לאַנג צוריק דורכגעמאַכט אַזאַ גרויסען, שווערען, און טאַקי אַזאַ אינטערעסאַנטען „עמעסען" פאָלקס־משפּט? . . . .

זעט איר, די בענעפיט קאָמיטע וועט אפשר יאָ האָבען וואָס צו זאָגען. אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז דאָס וואָס זי האָט צו זאָגען זאָגט זי ניט, און דאָס וואָס זי זאָגט שוין יאָ, — הערט מען ניט? . . וויפיל יאָר האָט עס איר נעבאַך געמוזט נעמען איידער מ'האָט איר דערהערט, אַז מ'דאַרף צאָלען אַכט דאָלאַר אַ וואָך פאַר דער ערשטער בעסטער קרענק, און אַפילו פאַר „פרויען־קראַנקהייטען" אויך? . . . אַזאַ מזל האָט שוין נעבאַך די בענעפיט קאָמיטע. דאַכט זיך, אַז צווישען אַלע קאָמיטעס איז זי די גרעסטע „אָלרייטניצע". אַ קליי־ניגקייט, אַ פאָנד מיט אַ סורפּלוס פון אַ קנאַפּען פערטעל מיליאָן! און טאָמער וויל זי עפּיס האָבען, קומט עס איר אָן מיט „גרינגע ווערים" . . . .

ביי דעת היינטיגער קאָנוועשאָן וועט זי זיכער גאָרניט פועל'ן. ס'ליגט שוין אויף איר סיי־ווי־סיי אַן „אינדזשאַנקשאָן", וואָס סטראַשעט איר, אַז באַלד, באַלד וועט זי מוזען איבערגעבען אירע „ביזנעס" צו דער אָפּיס קאָמיטע און ווערען אויס „קאַפּעלוש־מאַכער" . . . .

וואָס עס וועט זיין מיט די „גענעראַל באַריכטען" פון אונזער נאַציאָנאַלען טשערמאַן און פון אונזער גענעראַל סעקרעטער, נעם איך זיך דערוויל ניט אונטער נביאות צו זאָגען. ווער ווייסט וואָס די דאָזיגע צוויי „חברה־לייט" קען אַמאָל איינפאַלען . . . די לעצטע צייטען האָט זיך ביי זיי אָנגעקליבען צופיל „מלחמה־מאַטעריאַל", גאַנצע בערג מיט „פּולווער־גאַזען", אַז זיי וועלען עס מוזען ביי דער קאָנוועשאָן אין גאַנצען אויסשיסען . . . ס'קען זיין, אַז דעם ער־שטען וועט זיך נאָך ווי עס איז איינגעבען צו מאַכען אַ גוטען דזשאַב און וועט, — ווי מ'זאָגט דאָרט ביי אונז, — „זיך האַלטען אין די ראַמען" און שיסען דאָרט וואו מ'קען טרעפען אין ציל . . . אָבער פאַר'ן צווייטען האָבען איך שטאַרק מורא, אַז ער זאָל אַביסעלע אונ־טערבלאָנדזשען און גאָר אַראָפּקריכען פון שליאַך . . . .

ס'קען טרעפען! ווער ווייסט? . . . .

דערפאַר איז אָבער זיכער, אַז דער באַריכט־אָפּגעבער פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען וועט גאָרניט האָבען וואָס צו זאָגען. ס'איז אַ נייע באָרד, האָבען קוים געהאַט א י י ן זיצונג, און ביי דער איינער זיצונג האָבען זיי אויך ניט געהאַט וואָס צו טאָן. פון וואַנען און פון וואָס זייער „באַרטרעטער" וועט צונויפשטעלען אַ רעפּאָרט, אָסור אויב איך הייב אָן צו פאַרשטיין! . . . .

אָפּגע'פּטר'ט די „אָפּיציעלע" רעפּאָרטס, וועלען מיר זיך אַ נעם טאָן צו אַנדערע קאָנוועשאָן „פּיטשורס".

לאָמיר אָנהייבען מיט דער קלעדענשעל קאָמיטע. זי וועט היינ־טיגען יאָר דאַרפען פּסק'ענען שאלות וועגען „כשר און טריפה"; זי וועט נעבאַך האָבען צו זינגען און צו זאָגען פון די גאַנצע בערג „פּראָטעסטען" און קאָנטעסטען" וועגען כשר'ע אָדער טריפה'נע דעלע־גאַטען. פון מאַנכע פלעצער וועלען מסתמא קומען צוויי־צוויי „סעטס" דעלעגאַטען. יעדער „סעט" וועט טענה'ן, אַז ער האָט דעם ריכטיגען הכשר. דער סוף וועט זיין, אַז אַרגומענטען וועלען טאַקי פליען רעכטס און לינקס; אָבער, ווי עס ווייזט אויס, וועט די קאָנוועשאָן זיך גיכער רעכענען מיט די אַרגומענטען, וואָס וועלען קומען פון „רעכטס" . . . .

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע וועט אויך האָבען אַ שווער שטיקעל אַרבעט. ניט חלילה מיט'ן אויסאַרבעטען די רעזאָלוציעס. דאָס וועט בין איר גיין ווי געשמירט. זי דאַרף נאָר האָבען פאַר'ן האַנט אַן אַלטען נומער „פריינד". דאָרט זיינען דאָ אַלע רעזאָלוציעס פון פאַראַיאָרען, פאַר צוויי יאָרען און אַפילו פאַר זעקס יאָרען . . . דער עיקר איז געגען די „נדבות". דאָ, פאַרשטייט איר מיך, קען אַפילו קיין אַלטער נומער „פריינד" אויך גאָרניט העלפען. אַלע יאָר קומען צו פרישע „נדבות נעמער". היינטיגען יאָר וועלען אודאי אויך זיין שפּאָגעל נייע בעלנים אויף גרויסע נדבות . . . און אַז מ'גיט דעם, מוז מען דאָך יענעם אויך געבען. גלאַט אָפּזאָגען פּאַסט דאָך ניט. וועט די קאָמיטע זיך דרייען אַהין, דרייען אַהער, און אויב זי וועט קענען, וועט זי זיך אפשר אין גאַנצען אַרויסדרייען . . . ס'ווענדט זיך נאָר וואָס פאַר אַ קאָמיטע דאָס וועט זיין. אויב ס'וועט זיין אַ קאָ־מיטע, וואָס פאַרשטייט „ביזנעס", וועט זי שוין אַליין וויסען וואָס זי האָט צו טאָן, און מסתמא וועט זי געבען נאָר דאָרט וואו „מ'דאַרף"...

די אַלט־נייע סדרה, וואָס הייסט „יערליכע אָדער צוויי־יערליכע קאָנוועשאָנס", וועט מען מסתמא ווידער אויפמישען. מ'וועט געבען אַ פּאָר אידען עליות, איינעם „שלישי", אַ צווייטען „שישי", מ'וועט אָפּלייענען עטליכע פרשות, און ווען ס'וועט קומען צו „אחרון", וועט מען זיך אַרומזען, אַז מ'האָט שוין גענוג געלייענט און מ'וועט איבער־לאָזען דעם „מפטיר" אויף איבער־אַ־יאָר, אם ירצה השם . . . נישט קשה, מ'קען וואַרטען, ס'ברענט ניט. איבער אַ יאָר וועלען דען ניט זיין קיין אידען וואָס ו ו י ל ע ן זיין דעלעגאַטען? . . .

מיט די אַנדערע קלייניגקייטען וועט זיך די קאָנוועשאָן אויך גיך ספּראַווען. פון דעם בינטעל רעקאָמענדאַציעס, וואָס די עקזע־קוטיוו האָט געבראַכט, וועט מען עטליכע אָננעמען, עטליכע וועט מען ניט אָננעמען, מ'וועט זיי הייסען „אָפּלייגען", און די מערסטע אפשר אין גאַנצען צוריקווייזען . . . ס'ווענדט זך נאָר אין דער צייט. וועט זיין אַביסעל צייט וועט מען האַנדלען, טאָמער ניט, וועט מען „רייל־ראָודען" . . . .

און בשעת דעם דאָזיגען „האַנדלען" וועלען שוין אַ היבש ביסעל דעלעגאַטען שטיין אין ליין און נעמען „פּוידי" . . . .

די „שלום־רעדעס" וועלען אויפמערקזאַם אויסגעהערט ווערען פונ'ם טשערמאַן פון דער לעצטער זיצונג, פון וויים־טשערמאַן און פון נאָך עטליכע דעלעגאַטען, וואָס וועלען זיך אַרומדרייען אין קאָנ־וועשאָן האָל . . . .

שאַ! איך האָב נאָך עפּיס פאַרגעסען, זאָגט איר? וואָס איז מכּת „וואַלען פאַר באַאַמטע"? ווער וועט „לויפען", ווער וועט „פאַלען", אָדער ווער וועט „זיגען"? גערעכט, בנאמנות! נאָר וועגען אַזעלכע זאַכען האָב איך פּיונט נביאות צו זאָגען. ס'איז נאָך ביי אונז אַ נייע „זאַך" און ס'איז שווער צו טרעפען. גרעסערע פּאָליטיקער ווי איך האָבען פאַר־אַ־יאָרען אויך ניט געטראָפען . . . אַ קשיא וואָס ביי וואַלען קען אַמאָל טרעפען? . . . נאָר וואָס מאַכט עס אויס, עמיצע וועט דאָך זיכער ערוויילט ווערען! . . . .

וואָס מיינט איר, דעלעגאַטען וועלען אַהיים פאָרען פון אַ קאָנ־וועשאָן און לאָזען דעם אַרבעטער־רינג אָן אַ טשערמאַן? . . . .

# די קולטור אַרבעט אין סאָוועט רוסלאַנד

פון דר. ל. פאָגעלמאַן

די קולטור-אַרבעט אויף דער אידישער גאַס אין סאָוועט-רוסלאַנד ווערט געפירט אויף דריי געביטען: אויף דעם געביט פון פאָרשול-אַרבעט, שול-אַרבעט און אויסער-שול אַרבעט. די ערשטע, קען מען זאָגען, איז אינגאַנצען אַ נייע זאַך אין רוסלאַנד. ביז איר אַנטשטיין האָט דער טראַדיציאָנעלער חדר אַרומגעכאַפּט כמעט אַלע פעריאָדען פון דעם יונגען דור ביי אידען. פון אלף-בית ביז גמרא, פון אַ זעקס-יאָריגען אינגעל ביז אַ ישיבה-בחור — אַלץ האָט אַריינגענומען אין זיך דער אידישער חדר. און דער חדר האָט דעריבער אויף זיך געטראָגען אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטליכע אַרבעט; ער איז געווען דער איינציגער דערציער פון אונזער יוגענט. ער האָט פון דעם ערשטען טאָג אָן געפּלאַנצט אין דער נשמה פון דער יוגענט רעליגיעזע שטימונגען, געגעבען רעליגיעזע קענטעניש און איז געווען דורכגעדרונגען מיט אידישקייט אַלס אַ רעליגיעזער באַגריף. דער קינדער-גאַרטען, ווי אויך די אידישע שולען, טיילען אָפּ פון די ערשטע טריט אָן די רעליגיע פון דער דערציאונג. זיי קוקען אויף רעליגיע ווי אויף אַ פּריוואַטע זאַך, וואָס האָט קיין שייכות ניט צו דער שול. זיי האָבען די שול, ווי מען זאָגט דאָס, סעקולאַריזירט. די הויפּט-אויפגאַבע איז געוואָרען האַרמאָניש צו אַנטוויקלען אויף אַ מעגליכען אופן אַלע זייטען פון דעם קינד, אַלע זיינע נייגונגען און פעאיגקייטען, צוגעוואוינען אים פון אָנהייב אָן צו איין אַרבעט אין אַ סביבה פון מענשען, צו אַ געמיינזאַמער געזעלשאַפטליכער קאָאָפּעראַציע. אין גאָרטען, שפּילענדיג זיך פריי און לוסטיג מיט זיינע חברים, אונטער דעם אויפזיכט פון אַ לערערין, הייבט שוין אָן דאָס קינד צו מאָלען, זינגען. בויען און באַקענען זיך דורך שפּילצייג און בילדער מיט דער אַרומיגער וועלט. אָט די וויכטיגע אַרבעט איז אָוועקגעשטעלט גאַנץ ברייט אין סאָוועטען-רוסלאַנד. אומעטום, אין יעדער שטאָט און שטעטעל, זיינע פאַראַן קינדער-גערטנער, וואו עס דערציִען זיך קינדער ביז זיי דערגרייכען די שול עלטער. פון דער גרויסער אָרימקייט, קעלט און הונגער, וואָס רינגעלט אַרום די קינדער אין דער היים, ווערען זיי כאָטש אויף אייניגע שעה אין טאָג אַריבערגעטראָגען אין אַ לוסטיגער אַטמאָספערע פון געזאַנג, געלעכטער און פרייע אַרבעט. אַנשטאָט די אייביגע קללות פון דער נערוועזער מאַמען, וואָס איז פאַרביטערט פון לעבען, זעען די קינדער אַ ליבליכע וואַרימע באַציאונג פון אַ יונגער לעבענסלוסטיגער לערערין, וואָס איז באַקאַנט מיט די הויפּט-פאָדערונגען פון דערציאונג. אין אָט די קינדער-גערטנער שיקט מען צו פאַר די קינדער אומזיסטע שפּייז, וואָס ווערט זיי צעטיילט אין איין אָרדנונג אונטער דער השגחה פון דיזעלבע לערערינס.

מען מוז אַנערקענען די גרויסע ראָלע, וואָס די קינדער-גערטנער שפּילען אין דערציאונג פון די אידישע קינדער. די קינדער קומען שוין אָן, מער אָדער ווייניג, אַנטוויקעלטע אין די שולען, אַזוי אַז די שול דינט פאַר זיי אַלס ווייטערדיגע העכערע שטופּע פון זייער אַנטוויקלונג. אויף צו פאַרזאָרגען די קינדער-גערטנער מיט לערערינס האָט דער אידישער בילדונגס-קאָמיסאַריאַט אויפגעעפענט אין די צענטרען פאָרשול-קורסען, וואו אין פאַרלויף פון אייניגע מאָנאַטען קריגען אַ געוויסע פאָרבאַרייטונג אַ היבשע צאָל אידישע „קורסאַנטקעס“, וואָס ווילען זיך אָפּגעבען דער פאָרשול-אַרבעט. זייענדיג אויף די קורסען, באַזוכען זיי גלייכצייטיג די צענטראַלע גרויס-שטאָטישע קינדער-גערטנער, וואָס זיינען געוויינליך בעסער אָוועקגעשטעלט ווי אין דער פּראָווינץ, און אַזוי קריגען זיי אויך פּראַקטישע ביישפּילען פאַר זייער קינפטיגער אַרבעט. די „קורסאַנטקעס“, ווי די קורסען האַלטען זיך אויס אויף דעם חשבון פון דער מלוכה. אין סאָוועט-רוסלאַנד, ווי עס איז באַוואוסט, איז דאָס לערנען זיך אין אַלע לער-אַנשטאַלטען אומזיסט. נאָר דאָ גייען מיר צו דער אָפענער וואונד פון דער קולטור-אַרבעט, וואָס שטערט איר אויף יעדען טריט. דאָס איז די שרעקליכע מאַטעריעלע לאַגע, אין וועלכער עס געפינען זיך סיי די אַנשטאַלטען, סיי די קולטור-טוער. אַלץ פעלט: ניטאָ גענוג שפּייז, באַהייצונג און באַלייכטונג. אין וויטעבסק, למשל, אין דער „קאָמונע“ פון די „קורסאַנטקעס“ פלעגען ברענען אין אָווענט קליינינקע קעראָסין-לעמפּעלאַך מיט אַ פייערל ניט גרעסער ווי פון אַ חנוכה-ליכטל, מיט אַן אומענדליכען שטיקענדען רויך, פון וועלכען די לעמפּעלאַך האָבען געקריגען זייער פּאָפּולערען נאָמען „קאָפּטילקעס“ (פון רוסישען וואָרט „קאָפּאָט“—רויך). אין פּראָווינץ איז די לאַגע נאָך שווערער. דאָרט פעלט אויס פון יעדען מין כמעט שטענדיג.

אָט די שווערע נויט ווירקט אויך אויף די שולען. די שולען נייטיגען זיך אין געביידעס, אין באַהייצונג, אין באַלייכטונג, אין שול-מכשירים. די הויפּט-צרה איז, וואָס רוסלאַנד, אין איר פאַרטיידיגונג געגען די אָנפאַלען פון אַלע זייטען, איז געצוואונגען אָנצוהאַלטען אַ גרויסע אַרמיי. אַלע גרעסטע געביידעס זיינען פאַרנומען מיט מיליטער; די שולען ווערען אָפּט אַרויסגעשטויסען פון די געקומענע פאָלקען, ניט קוקענדיג אויף צירקוליאַרען און דעקרעטען פון צענטער, וואָס פאַרווערען דאָס. דער בילדונגס-קאָמיסאַריאַט פּרואווט זיך פאַרטיידיגען, קעמפט געגען די דאָזיגע רעקוויזיציעס, אָבער די אַרמיי איז פאָרט די יחסנ'טע און די לאַגע בלייבט ניט געענדערט. שולען בייטען זיך שטונדענווייז איינע נאָך דער צווייטער אין דערזעלבער געביידע. אין פּראָווינץ איז די לאַגע געוויינליך ניט בעסער. אין רוסלאַנד, פאַר די לעצטע יאָרען, בויט מען ניט און מען רעמאָנטירט כמעט אויך ניט און מען קען זיך פאָרשטעלען דאָס אויסזען פון די הייזער. די שולען געפינען זיך אין הייזער, אין וועלכע ס'איז אוממעגליך גיט נאָר צו לערנען קינדער, נאָר פּשוט צו וואוינען דאָרט. די אידישע שולען פונקציאָנירען פונדעסטוועגען, לויט מיין איינדרוק, בעסער פון די רוסישע. די הויפּט-סיבה איז דער לערער-פּערסאָנאַל. דער רוסישער לערער-פּערסאָנאַל איז אין זיין מערהייט אַ באַהאַלטענער פאַרביסענער געגנער פון דער מאַכט. פיל פון די לערער זיינען נאָך דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון דעם פריערדיגען צאַרישען רעזשים; צו דער איצטיגער שולע האָבען זיי ווייניג געשמאַק און נייגונג. דער אידישער לערער, ווי ער זאָל זיך ניט באַציען צו דער מאַכט, זעט אין דער שול אַ וויכטיגע קולטורעלע פאָלקס-אויפגאַבע; ער גייט אין איר אָפּטמאָל ניט צוליב פּרנסה, נאָר צוליב אידעאַ

פלעגען לויפען פרויען מיט אָפּגעשניטענע צעפּ צו דער פּאָליציי, דערציילענדיג, אַז עמיצער האָט פּלוצלונג אָפּגעשניטען זייערע צעפּ און איז פאַרשוואונדען צווישען עולם. דאָס זיינען אַלע מענשען מיט קראַנקהאַפטע פאָרשטעלונגען, ביי וועלכע דער דמיון איז שטאַרקער פון דער ווירקליכקייט. ביי אַנדערע שפּילט די פאָרשטעלונג פון אַ דאַמען-שלייער, אַ הענטשקעלע, אַ פּאַרפומירט טאַשענטיכעל, אַ פרויען-פעלץ, דער אַנבליק פון דאַמען-פיס, אָדער דאַמען-שיך א. א. וו., אַלץ אַ סימבאָל פון געשלעכטליכער באַפרידיגונג. אַזעלכע מענשען הערען ניט אויף צו אַנאָנירען. זיי ווערען שוואַך, געררייצט און נערוועז און זיינען שפּעטער-צו אומפייאיג אויסצופירען דעם געשלעכטליכען אַקט ווייל זייער באַפרידיגונג ליגט אויסערהאַלב פון די ברעגעס פון דער נאַקעטער ווירקליכקייט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ביז צו געוויסע גרעניצען איז דאָס פיזיאָלאָגיש און די אידעאַליסטישע ליבע האָט זייער ליב זיך איינצוהילען אין פרויען-לאָקען און פרויען-קליידער; אָבער גייט מען אַריבער די נאָרמאַלע גרעניץ און אָפּערט צוליב דער טרוקענער שאָלעכץ די זאַפטיגע יאָדרע אַזוי בלייבט דאָס אַ צושטאַנד וואָס איז אומנאָרמאַל און קראַנקהאַפט און מוז און קען געהיילט ווערען.

אליסטישע צילען. און דעריבער, ניט קוקענדיג אויף זייער שווערער לאגע, זיינען די אידישע שולען מער ערפאלגרייך ווי די אלגעמיינע רוסישע.

די אידישע שולען שטויסען זיך אן אויף פיל שוועריגקייטען, איבערהויפט אויף מאנגעל אין לערער. ס'איז דא זייער ווייניג קוואליפיצירטע פאסענדע לערער, און מען נעמט דעריבער. וועמען עס איז. איצט האט דער אידישער קאמיסאריאט זיך פארנומען מיט שאפען די נייטיגע צאל אידישע לערער דורך א ספעציעלען לערער־אינסטיטוט. די שולען קומט אויך אויס צו פירען אן אומענדליכען קאמף מיט די אסימילאטארישע שטרעמונגען אין דער קאמוניסטישער פארטיי, וואס קוקט קרום אויף דער אידישער קולטורעלער ארבעט. די דאזיגע שטרעמונגען זיינען אויך פארשפרייט צווישען א געוויסען טייל פון די אידישע קאמוניסטען. אין דער אידישער שול קומען פאר אלע למודים אין אידיש. רוסיש לערנט מען אלס א געגענשטאנד. העברעאיש ווערט אבסאלוט פארווערט. אין די אידישע הייזער, וואו מען וויל לערנען די קינדער העברעאיש, קומט אריין אדער א לערער, אדער א רבי, אויף איניגע שטונדען. אויסערדעם עקזיסטירען נאך די חדרים אין די ישיבות, מיט וועלכע, ווי עס איז באוואוסט, עס פירט א קאמף דער אידישער קאמיסאריאט. אט דער קאמף, וועלכער האט זיך הויפטזעכליך אויסגעדריקט אין פראפאגאנדע דורך ספעציעלע בלעטלאך און אזוי גערופענע משפטים, האט אין א געוויסער מאס נאך אויפגעוועקט דעם אינטערעס צום אלטמאדישען חדר, וועלכער איז אלענפאלס אן איבערבלייבעניש פון עבר — א מין סארט אפענדיקס. דער דאזיגער קאמף האט אפטמאל געטראגען, מוז מען מודה זיין, אן אומגעלומפערטען כאראקטער: מען האט געדארפט באקעמפען דעם חדר מיט קולטור, מיט גוט אוועקגעשטעלטע שולען, מיט בילדונגס־ארבעט, ניט מיט'ן פויק און גוואלד־געשרייען. די רבייאים און די רבנים, אין דער ראלע פון קאנטער־רעוואלוציאנערען, האבען פארט אויסגעזען אביסעל קאמיש.

ריידענדיג וועגען דער קולטור־ארבעט, מוז מען אנווייזען אויף דער ברייטער ארבעט, וואס ווערט געפירט אויסער די שולען. די אויסער־שול ארבעט האט געשטרעבט צו ליקווידירען דעם אנאלפאבעטיזם און עם־הארצות אויף דער אידישער גאס און צו אנטוויקלען דעם ארבעטער אין גייסט פון קאמוניזם. צו דעם צוועק האבען זיך געגרינדעט קלובען פאר דער יוגענט, ביבליאטעקען, קורסען, ליטעראריש־דראמאטישע קרייזען א. אז. וו. די ארבעט איז ברייט אוועקגעשטעלט און שטארק באפארבט מיט א געוויסער טענדענץ; זי פירט זיך אפט אן א סיסטעם און אן א קאנטראל, אינגאנצען צופעליג. פאראן דערצו פיל סבות, און די הויפט־סבה איז אלץ איין און דיזעלבע — ניטא קיין קולטור־טוער און קיין מיטלען. נאר א קלייניגקייט, אבער אן דעם איז די גאנצע ארבעט ווייניג ווערט. פיל אנשטאלטען עקזיסטירען מער אויפ'ן פאפיר און אין לעבען זיינען זיי קוים צו באמערקען. די פרעסע איז אוועקגעשטעלט אין אומגעהייער שווערע באדינגונגען. אפילו די אלגעמיינע פרעסע, אפילו אין צענטער, ליידט שטארק פון מאנגעל אין פאפיר און דרוק-זאכען. אפילו די גרויסע רעגירונגס־צייטונגען קענען ניט ארויסגיין אין אזא מאס, ווי מען וויל. וואס זשע קען מען דערווארטען אויף דער אידישער גאס? די אידישע צייטונגען זיינען ארים און דאר; גיכער בלעטלאך, איידער צייטונגען. וועלענדיג פארריכטען די נויט אין צייטונגען אויף דער אידישער גאס, האט מען אנגעהויבען איינצוארדענען אזוי־גערופענע „מונדליכע צייטונגען", וואס האבען זיך זייער אנטוויקעלט די לעצטע יארען אין רוסלאנד און וואס זיינען אריבערגעטראגען געווארען אויך אויף דער אידישער גאס. א רייע רעדנער ריידען אויף א מיטינג אויף געוויסע טעמעס לויט דעם מוסטער פון א צייטונג: א לייט־ארטיקעל, א קריטישער ארטיקעל, א פעליטאן, כראניקע, אפילו א פאסט־קאסטען. אט די מונדליכע צייטונגע זיינען גאנץ פאפולער אין רוסלאנד, און אויך אויף דער אידישער גאס.

---

# דער ראָבּ

(פאבעל)

פון נחום י.

א ראב, וואס האט געהאט
אין וואלד א גרויסען צד,
האט איינמאל אין א טאג א שיינעם
גענומען אויסווייזען זיין שטים
פאר זיינע שכנים
און ווי עס פירט זיך — האבען זיך ביי אים
א היבשע ביסעל אנהענגער געפונען.
דריי טויבע סאוועס און א הייזעריגער האן,
וואס האבען נאך פון שטענדיג אן
דעם נאכטיגאל זיין רום און גרויסקייט ניט פארגינען,
באשלאסען האבען באלד
מיט ערנסטע געזיכטער,
אז אין דעם גאנצען וואלד
איז נאר דער ראב א גאטס געבענטשטער דיכטער,
און כאטש זיין שטים איז נאך ניט ריין, —
נאר זי איז שטארק און שיין,

און מיט דער צייט
ווער ווייסט ווי וויים
ער וועט נאך שטייגען . . .
— „ווי קאן מען דאס אזוי פיל לייגען?"
האט אויפגערעגט
די טויב דעם נאכטיגאל געפרעגט —
„און גלאט וואס ווייסען סאוועס פון געזאנג
איך שווער דיר אז פון יעדען קלאנג,
וואס גייט ביי אים ארוים פון מויל,
נעמט דורך א גרויל! . ."
— „ניט ערגער זיך, מיין ליבע טויב",
האט איר דער נאכטיגאל געטרייסט, — „און גלויב,
אז ס'מעג זיך זיין דער ראב אזוי בארימט,
אז אלע זאלען אויף אים טייטען מיט די פינגער,
דאך ווייס אבער די גאנצע וועלט באשטימט, —
אז ראבען זיינען ניט קיין זינגער".

# דר. מאָנטעסאָרים ערציאונג סיסטעם

פון רהל האלטמאן

אום בעסער צו פאַרשטיין דר. מאָנטעסאָרים ראַדיקאַלע אנשויאונגען וועגען ערציהונג, איז ווערט זיך אביסעל אָפּצושטעלען אויף איר פאַרגאַנגענהייט.

מאַריאַ מאָנטעסאָרי איז געבאָרען געוואָרען אין איטאַליען אין 1870 אין דער צייט ווען עס האָט זיך געהאַלטען אין פאַרענדיגען דער קאַמף פאַר איטאַליענישע פרייהייט און איינִיגקייט. נאָך אַלס יונגע מיידעל האָט זי שוין בייגעוואוינט די שנעלע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביים איבערבויען איטאַליען אויף נייע יסודות, און האָט אינ׳ם דאָזיגען בויען אויך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל. זייענדיג אַ טאָכטער פון ניט רייכע עלטערן, האָט זי אויך געפילט דעם דרוק פון אַ לעבען אין דחקות און נויט. צוקוקענדיג זיך צו דער אָרומיגער וועלט, איז זי געקומען צו דער איבערצייגונג. אַז גרינדליכע בילדונג און גייסטיגע אַנטוויקלונג דאַרפען זיין די פאַקטאָרען, וואָס דאַרפען באַפרייען די מענשהייט פון נויט און עלענד.

ווי די רוסישע פרוי אין די זיבציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָרהונדערט האָט אויך די דאָזיגע איטאַליענישע פרוי, די פאַרקעמפערין, געמוזט אויסשטיין פיל צרות, בייקומען פיל פאָרורטיילע ביז זי האָט זיך ענדליך געקענט דערשלאָגען צו בילדונג. זי איז געוועזען די ערשטע פרוי אין איטאַליען, וועלכע האָט געקראָגען דעם טיטול דאָקטאָר מעדיצין.

זייענדיג אַ דאָקטאָר האָט זי זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט די אומנאָרמאַלע קינדער פון אוניווערסיטעטס־קליניק און האָט איינגעזען אַז זייער רפואה דאַרף זיין פריער פאַר אַלץ — גייסטיגע ענטוויקלונג. זי האָט באַלד געגרינדעט אַ שולע פאַר די דאָזיגע אומגליקליכע קינדער, האָט צוגעגרייט לערער־מאַטעריאַל און איז אַליין געוואָרען זייער לערערין פאַר צוויי יאָר צייט, פון 1898 ביז 1900.

אין די צוויי יאָר איז זי געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די מעטאָדען און אַפּאַראַטען, וואָס זי געברויכט פאַר די שוואַכזיניגע קינדער, דאַרפען אויך זיין גוט פאַר נאָרמאַלע קינדער, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז נאָך אַ געוויסער צייט וואָס זי האָט זיי אונטעררירכט, האָבען די דאָזיגע אומנאָרמאַלע קינדער געמאַכט אַזעלכע גוטע פאָרשריטען, אַז זיי האָבען אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען אין די למודים אפילו בעסער ווי די נאָרמאַלע קינדער. און זי האָט באַשלאָסען אָנצואַווענדען אירע אונטעררירכטס־מעטאָדען צו געזונטע קינדער.

בלייבענדיג געטריי אירע אידעאַלען אַלס אַ פאָרקעמפערין פאַר אַ בעסערער צוקונפט, האָט דר. מאָנטעסאָרי געזוכט צו פאַרווירקליכען אירע ערציהונגס־פּלענער ניט צווישען די רייכע (זי האָט משמעות פאַרשטאַנען, אַז זיי קענען זייער שטעטעל אַליין באַשטיין) נאָר צווישען די אָרעמע שיכטען פון דער באַפעלקערונג.

אָט פון דעם אָרעמסטען אַרבייטער עלעמענט זיינען באַשטאַנען די שילער פון וועלכען מאָנטעסאָרי האָט אין יאָהר 1907 געגרינדעט אירע ערשטע שולען. אין פיעלע טענעמענט הייזער זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען שולען וואו קינדער פון 3 ביז 7 יאָר זאָלען זיך קענען שפּילען און לערנען אונטער דער אויפזיכט פון איינע אָדער צוויי לערערינס. שפּעטער זיינען די לער־מעטאָדען פאַרברייטערט געוואָרען און איצט ווערען אין די מאָנטעסאָרי שולען אונטעררירכט אויך קינדער פון העכערען עלטער.

דר. מאָנטעסאָרים פּרינציפּיעלע אנשויאונגען וועגען קינדער ערציאונג זיינען אין געוויסע הינזיכטען ענליך צו פרעבעלס. ביידע נעמען זיך שטאַרק אָן פאַר׳ן קינדס רעכט צו זיין אַקטיוו, צו אַנטוויקלען זיינע אייגענע כחות דורך זעלבסטשטענדיגער אויספאָרשונג און שאַפונג. ביידע דענקען, אַז דער ציל פון בילדונג איז צו קומען צו הילף און ניט צו אונטערדריקען דעם קינדס גייסטיגע פעאיגקייטען. ביידע זיינען מיט דער מיינונג, אַז די אויפגאַבע פון דעם לערער דאַרף זיין פריער פון אַלץ צו באָאַבאַכטען, ערמוטיגען און לייטען, אָנשטאָט צו אונטערדריקען, באַפעלען און פאַרבאָטען. פונדעסטוועגען גהען זיך די צוויי גרויסע פעדאַגאָגען שטאַרק פונאַנדער, ווען עס קומט צו דער פּראַקטישער אָנווענדונג פון די דאָזיגע פּרינציפּיעלע אַנשויאונגען.

מען קען באַלד באַמערקען דעם געוואַלטיגען אונטערשייד, ווען מען קומט אַריין פון פרעבעלס אַ קינדערגאַרטען אין אַ מאָנטעסאָרי שול. די שפּילערייען אין פרעבעלס קאָנסערוואַטיווען קינדערגאַרטען זיינען מייסטען אויסגעטראַכטע, סימוואָלישע. די אַטמאָספערע — אַ געקינצעלטע. די קינדער שפּילען פאָרמערס, שוסטער, שניידער, פויגלען, בהמות, איידעלע פריצ׳ים און סאָלדאַטען. די געזאַנגען זיינען צוגעפּאַסט צו געוויסע דראַמאַטישע האַנדלונגען, ווי „עפענען דעם טויבענשטייג", „שניידען דאָס גראָז", „מאַכען דאָס קינד פאַר אַן איידעלמאַן" א. א. וו. אַ גרויסען אָרט פאַרנעהמען דאָרט אויך פאַנטאַסטישע מעשות.

גאַנץ אַנדערש זיינען די שפּילערייען איינגעפירט אין מאָנטעסאָרים שול. אַלע שפּילערייען זיינען געבויט אויף וויסענשאַפטליכע פּרינציפּען צו ענטוויקלען הויפּטזעכליך די חושים פון קינד. פאַר דעם צוועק דינען די אַזוי גערופענע „מאָנטעסאָרי אַפּאַראַטען". דער אונטעררירכט ווערט אַזוי אויסגעשטעלט, אַז דאָס קינד באַמערקט אפילו ניט ווי עס לערנט זיך דענקען וויסענשאַפטליך פון דעם ערשטען שריט פון זיין באַוואוסטזיניגען לעבען. עס קען פריי אויסקלייבען וואָס פאַר אַ שפּילצייג עס וויל און קען זיך אַליין אָפּזאָגען פון אַ געוויסע שפּילצייג, ווען דאָס קינד געפינט אויס, אַז עס איז נאָך ניט דערוואָקסען פאַר דעם באַטרעפענדען שפּילצייג.

דאָס מאָנטעסאָרי פּראָגראַם פאַרגעסט אויך ניט די פּראַקטישע זייט פון קינדס לעבען. שפּילענדיג לערנען די קינדער אמת׳ע אַרבייט, ווי זיך אַליין אָנטאָן, זיך האַלטען ריין, גרייטען צום טיש, רייניגען דאָס צימער, אויפּפּאַסען אויף בהמות, מאַכען אַן אמת׳ן גאָרטען און פאַרפלאַנצען ביימער, פאַרזייען גרינסען און בלומען און געבען אַכטונג אויף זיי. פון מעשות דערציילען האַלט מאָנטעסאָרי זעהר ווייניג. זי רופט די קינדער־מעשות „נאַרישע", ווייל אין די מייסטע פון זיי דריקט זיך אויס אונטערטעניגקייט, געהאָרכזאַמקייט, לאָיאַליטעט, — איינגענשאַפטען וועלכע זיינען גוט אין אַ קאַזאַרמע, וועלכע זיינען אָבער, לויט איר מיינונג, צופעליגע נויטווענדיגקייטען און האָבען קיין גרויסען ווערט ניט אין לעבען. פאַרקערט, זיי צוברעכען נאָר דעם קינדס כאַראַקטער און מאַכען פון אים אַ שוועכלינג. איר שלאָגוואָרט איז „פרייהייט צו ענטוויקלען אַ פערזענליכקייט פון קינד", ווייל זי באַטראַכט דאָס לעבען פאַר „אַ העררליכע געטין, וואָס שפּאַנט אימער פאָרווערטס אויפן וועג פון נייע עראָבערונגען".

די דריי הויפּטאידעען, אויף וועלכע מאָנטעסאָרים בילדונגס פּראָגראַם איז געבויט, ווּעלען מער אָדער ווייניגער קלאָר מאַכען דאָס ערציאונגס סיסטעם פון דער באַרימטער דאָקטאָרין. ערשטענס, דער פּרינציפּ פון א י נ ד י ו י ד ו א ל י ט ע ט, וואָס מיינט, אַז יעדער מענש דריקט אויף זיין אייגענעם שטייגער אויס זיין לעבענס קראַפט און זוכט לויט דער דאָזיגער קראַפט צו דערגרייכען דאָס העכסטע, אויף וואָס ער איז פעהיג. די צווייטע אידעע איז דער פּרינציפּ פון פ ע ר ז ע נ ל י כ ע ר פ ר י י ה י י ט, אַז יעדע פּערזאָן וועלכע דאַרף זיך צופּאַסען צום געזעלשאַפטליכען לעבען דורך בילדונג, ענטוויקעלט זיך אַם בעסטען, ווען עס איז באַפרייט פון די אַלטע פאָראורטיילען, וואָס דריקען זיין פּערזענליכקייט. די דריטע אידעע איז, אַז די ח ו ש י ם זיינען דער פונדאַמענט פון אַ העכערער מענשליכער עקסיסטענץ, און דעריבער הענגט אָפּ די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט פון דער ענטוויקלונג פון אונזערע חושים. אויף דעם מוז געלייגט ווערען גרויס אויפמערקזאַמקייט שוין פונם צאַרטעסטען עלטער. קוים ווערט די ענטוויקלונג פון די חושים פאַרנאַכלעסיגט, איז דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען פונם מענשען פאַרקריפּעלט. אַ מענש קאָן לערנען דורך טעאָריע און פּראַקטיק אַ פּראָפעסיע אָדער פאַך.

# ביבליאגראפיע.

### ב. תמוז:

„געשיכטע פון סאציאליסטישען געדאנק, 2 בענד, פון קארל קאוטסקי, 1טער באנד, איבערזעצט פון ח. קאנטאראוויטש און דר. א. וואטענבערג; 2טער באנד, איבערזעצט פון ה. ראזענפעלד. פארלאג „קולטור, ניו יארק.“

א בוך, אויף וועלכען פיל אינטעליגענטע אידישע ארבעטער-לעזער האבען שוין לאנג, לאנג געווארט. דאס איז א ריזיג ווערק פון א קאלעגיאלער ארבעט, אין וועלכער עס האבען זיך באטייליגט אזעלכע סאציאליסטישע דענקער, ווי קאוטסקי, לאפארג, בערנשטיין, הוגא, מעהרינג, פלעכאנאוו, לענין און אנדערע. פאר אונז ליגען דערווייל, אין אידיש, די ערשטע צוויי בענדער, די ארבעט פון קארל קאוטסקי. זיין אויפגאבע, אין ערשטען באנד, צו געפינען די שפורען פון קאמוניסטישע אידעען אין די געזעלשאפטליכע באוועגונגען פון די קלאסישע צייטען אין גריכענלאנד און רוים, אין אורשפרינגליכען קריסטענטום, אין די לוין-ארבעטער-באוועגונגען פון מיטעלאלטער, און פון דער רעפארמאציאנס עפאכע, דערפילט ער אויף א גלענצענדען אופן.

אלס אויסגעצייכענטער קענער פון געשיכטע אין אלגעמיין, פריי פון די טראדיציאנעלע, פאטאליסטישע אנשויאונגען און געברויכענדיג די ריין-מארקסיסטישע דיאלעקטישע מעטאדע אין זיין אונטערזוכען די פארפלאנטערטע מאטיווען פון די אויבענדערמאנטע באוועגונגען, ווערען ביי אים די פארנעפעלטסטע פאסירונגען באשטראלט מיט ברייטע ליכט-קראנצען. אונז איז אומבאקאנט א שארפערער אנאליז פון דעם פלאטאנישען קאמוניזם, ווי דער, וואס קאוטסקי גיט אונז אין דעם ערשטען קאפיטעל פון דעם בוך. וועגען דעם אלט-קריסטליכען קאמוניזם איז פאראן א גאנצע ליטעראטור, אבער קיינעם איז ניט געלונגען אזוי מייסטערהאפט צוזאמענצוקייטלען א גאנצע רייע ערשיינונגען און באוועגונגען, וואס קוקען אויס צו זיין ספאראדיש, אין איין א י י ז ע ר נ ע ר קייט. גאנצע אפגעריסענע פאסען געשיכטע באהעפטען זיך אונטער זיין האנט צוזאמען אין איין צוזאמענגעוועבטען מאטעריאל.

אין צווייטען באנד באהאנדעלט קאוטסקי די פארשידענע קאמוניסטישע און האלב-קאמוניסטישע סעקטען פון דער מיטעלאלטער: די בעגארדען פון נידערלאנד, די וואלדענזער פון דייטשלאנד, די לאלארדען אין ענגלאנד, די טאבאריטען און הוסיטען אין בעהמען, די שפעטערדיגע באוועגונג פון די בעהמישע ברידער, די אנאבאפטיסטען אין דער שווייץ, די קאמוניסטישע שטרעמונגען אין דער דייטשער רעפארמאציע און דעם פויערים-אויפשטאנד אין 16-טען יארהונדערט. אין די לעצטע צוויי אפהאנדלונגען ווארפט ער אונטער א שטרענגער קריטיק א רייע „היסטארישע פאקטען“, וואס די בורזשואזע היסטאריקער האבען פאר א צייט מיט יארען עקספלואטירט און אויף זיי אויפגעבויט גאנצע פיראמידען פון סברות וועגען די „שרעקליכקייטען“ פון די קאמוניסטישע באוועגונגען. ער באווייזט מיט פאקטען, א מ ת ׳ ע פאקטען, די גרונדלאזיגקייט פון ז י י ע ר ע „פאקטען“ און די קאנסעקווענצען, וואס זיי האבען פון דעם געצויגען.

דער צוועק פון דעם ווערק איז, ווי שוין פארבייגייענדיג דערמאנט, אנצואווייזען די פארלויפער פון דעם סאציאליסטישען געדאנק דורך די יארהונדערטען פון דער געשיכטע. דאס אליין וואלט שוין געווען א גענוג וויכטיגער ענין. ווי דער מחבר אליין זאגט אין זיין אריינפיר:

> „כדי קלאר צו פארשטיין די אנשטייאונג פון דעם מאדערנעם סאציאליזם, איז פונדעסטוועגען נייטיג אין זינען צו האבען זיינע פארלויפער, וואס האבען געהאט א ווירקונג אויף אים, — דעם פלאטאנישען און קריסטליכען קאמוניזם.
>
> „די באטראכטונג פון די דאזיגע פארלויפער פון מאדערנעם סאציאליזם איז פאר אונז אויך וויכטיג נאך פון א צווייטען, און וויכטיגערען, שטאנדפונקט. די אינדיווידועלע באזונדערהייטען פון א וועלכער עס איז ערשיינונג קאנען מיר געפינען בלויז, ווען מיר פארגלייכען זיי מיט אנדערע ענליכע ערשיינונגען. אזא סארט פארגלייך צווישען די פארשידענע סארטען פון קאמוניזם זיינען ניט זעלטען געמאכט געווארען. אבער מערסטענס, כדי צו דערגרייכען גאנץ אנדערע רעזולטאטען; ניט כדי אונטערצושטרייכען אינדיווידועלע באזונדערהייטען פון מאדערנעם סאציאליזם, נאר כדי זיי צו פ א ר ט ו נ ק ל ע ן. דערביי ווערען אלע ארטען קאמוניזם געמאסטען מיט א י י ן מאס, און וואס עס איז אמת פאר איינעם ווערט אנגעווענדט אויף אלע, אן אונטערשייד. די דאזיגע מעטאדע איז ניט נאר זייער א באקוועמע, ווייל די שטריבען וואס זיינען געמיינשאפטליך פאר אלע ארטען קאמוניזם זיינען בלויז א ו י ס ע ר ל י כ ע, נאר זי איז טאקע זייער אן אנגענעמע פאר די געגנער פון סאציאליזם: זי גיט זיי א מעגליכקייט ארויסצושטעלען אלע דורכפאלען פון די פריערדיגע קאמוניסטען, אלס אומפארמיידליכע רעזולטאטען פון די שטרעבונגען פון דעם מאדערנעם סאציאליזם.“

---

ווען אבער זיינע חושים זיינען געבליבען אומאנטוויקעלט אין די ערשטע קינדעריארען, וועט זיין שאפונגס-גייסט קיין מאל ניט קאנען דערגרייכען די העכסטע מדרגה.

דער גרויסער פעדאגאגישער ווערט פון דר. מאנטעסארים סיסטעם ליגט אין דעם, וואס די קינדער זיינען אלע מאל באשעפטיגט און פאראינטערעסירט אין זייער ארבעט. דאס לייזען איין פראבלעם נאך דעם אנדערן אין דער צייט וואס זיי גייען אום מיט די אפאראטען מאכט די קינדער צו פילען זיך גליקליך און פריי. שוין אינ׳ם עלטער פון 4-5 יאר לערענט זיך אויס דאס קינד מיט דער הילף פון די מאנטעסארי אפאראטען לעזען, שרייבען און רעכענען. דאס אליין רופט שוין ארויס ביים קינד א געפיל פון זעלבסטשטענדיגקייט און גייסטיגען נענוס.

אין דער הינזיכט פון אלגעמיינע למודים איז אט דאס סיסטעם פיל בעסער צוגעפאסט צו דער שול פון ווייטערדיגע קלאסען ווי פרעבעלס קינדערגארטען, וועלכער שטייט אפגעזונדערט לויט זיין לער-פלאן פון די העכערע קלאסען און האט קיין צוזאמענהאנג ניט. די ערשטע קלאסען פון דער מאנטעסארי שול זיינען אבער ארגאניש צוזאמענגעבונדען מיט ווייטערדיגע.

צום קרעדיט פון דר. מאנטעסארי דארף צוגעשריבען ווערען נאך א גרויסער אויפטו, וואס איז איצט באקאנט אונטערן נאמען „קינדערהיימען“. אט די אינסטיטוציע לייזט צוויי וויכטיגע פראבלעמען מיט איין קלאפ. ערשטענס גיט עס א מעגליכקייט דער ארימער ארבייטער פרוי, וועלכע איז געצוואונגען צוליב די קליינע פארדינסטען פון איר מאן זוכען פאר זיך א באשעפטיגונג אויסער איר היים, צו טאן דאס אומגעשטערט, ניט האבענדיג קיין מורא, אז אירע קינדער וועלען בלייבען אן וועלכער עס איז השגחה. צווייטענס, געפינען אין די „קינדערהיימען“ די קינדער פון אזא פרוי א פיל בעסערע אויפפאסונג פון געניטערע ערציער, ווי אין זייער אייגענער היים אונטער דער אויפזיכט פון אן אומוויסענדער, פארביטערטער פון די שווערע לעבענס-באדינגונגען, מוטער.

שטיצענדיג זיך אויף דעם געדאנק, ווערען אין רוסלאנד איצט איינגעפירט טויזענטער און טויזענטער קינדער-היימען, וואס באפרייען די ארבעטער-פרוי פון עקאנאמישער און מאראלישער פארשקלאפונג, גיבען איר א מעגליכקייט צו ווערען א זעלבסטשטענדיגע פערזענליכקייט, און צו דערזעלבער צייט געפינען אירע קינדער א בעסערע, באקוועמערע און געזינטערע היים, וואו זיי זיינען ניט אונטערדריקט פון דער נערוועזיטעט פון אן אויסגעמאטערטער און פארביטערטער מוטער.

אין א קאפיטאליסטישער געזעלשאפט קאן די מאנטעסארי „קינדערהיים“ זייער זעלטען געפינען א פלאץ פאר זיך, ווייל ס׳ווערט אויסגעהאלטען אויף די נדבות פון רייכע, אין רוסלאנד ווערט עס אויסגעהאלטען פון דעם שטאט, אזוי אז יעדער ארבעטער קען זי באטראכטען פאר זיינע אן אייגענע אינסטיטוציע.

אָבער דער לעזער קריגט ניט נאָר אַ באַגריף וועגען די פּאַרלויפער פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם אליין, נאָר איבערהויפּט וועגען געשיכטע, ווי מיר פארשטייען איר. ניט די געשיכטע פון די אָדער יענע קיסרים און דינאַסטיעס, זייערע נצחונות און מפּלות, נאָר די געשיכטע פון די געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען, פון דער „עבע און פלוט" פון מענשליכען פּראָגרעס.

בכלל איז דאָס דערווייל דאָס באַדייטענדסטע היסטאָרישע ווערק, וואָס פּאַסט אויף אַלע פּאַסירונגען וויסענשאַפטליך, לויט דער מאַטעריאַליסטישער אַנשויאונג, און מ'קען זיך קוים פאָרשטעלען אַ ניצליכערען בוך פאַר דעם סאָציאַליסטישען סטודענט, ווי דאָס דאָזיגע בוך.

די איבערזעצונגען אין אידיש זיינען געראָטען אין אַלע הינזיכטען. ערטערווייז פאַרגעסט מען זיך אינגאַנצען, אַז דאָס איז אַן איבערזעצונג. עס פילט זיך אינגאַנצען ניט די אָנגעצויגענקייט פון זאַץ, וואָס מערקט זיך זייער אָפט אין די איבערזעצונגען פון דייטש, אין ענגליבע ביכער. קענטיג, אַז די איבערזעצער האָבען ניט גלאַט געוואָלט אָפּטאָן אַ שטיקעל אַרבעט, נאָר אַז זיי האָבען געהאַט צו דעם אַ באַציאונג פון־ליבע און אידעאַליזם.

אפילו אויסערליך איז דאָס בוך אַרויסגעגעבען שיין און נעט, מיט געשמאַק און ליבע.

דער פאַרלאַג „קולטור" דאַרף זיך ניט אָנטוישען מיט דער אונטערנעמונג. די ביכער טאָרען ניט בלייבען אין „קאָלד־סטאָרידזש", זיי דאַרפען געלעזען ווערען און שטודירט ווערען, ביחידות און בציבור. אַ גוטער אָפּרוף אויף די ערשטע צוויי בענד וועט דערמוטיגען די אַרויסגעבער פאָרצוזעצען זייער אַרבעט און אַרויסגעבען די איבעריגע.

---

י. ב. סאַלאַמאַנדראַ:

## ביי דער גרעבליע

(איינדרוקען פון אַ לעזער.) אַ זאַמלונג פון לידער, פון ז. וויינפּער. פאַרלאַג „קולטור", ניו־יאָרק, 1922.

דאָס איז שוין דאָס דריטע בוך לידער, וואָס ז. וויינפּער האָט פאַרעפענטליכט פאַר די לעצטע 2 יאָר, און דעם דריטען מאָל טרעט בולט אַרויס זיין ליריזם. אָט נעמט די צוויי אמת־אידישע באַלאַדען, וואָס געפינען זיך אין דער זאַמלונג.ביידע הייבען זיך אָן מיט —

„ביי דער גרעבליע
איז פאַרצייכענט אויפ'ן ברעטעל,
אַז עס וואוינען אינ'ם שטעטעל
הונדערט ניינציק מאַנספּערשוינען."

איין באַלאַדע באַטיטעלט ער טאַקע מיט דעם נאָמען פון בוך — „ביי דער גרעבליע", און די צווייטע — „דער גובערנאַטאָר". די צוויי זאַכען זיינען שוין די אומלירישסטע פון גאַנצען בוך, ווי בכלל מעשה־באַלאַדען זיינען. און דאָך קען אין זיי וויינפּער ניט דערשטיקען זיין ליריזם. ער איבערוועלטיגט אים איינפאַך אויף טריט און שריט.

וויינפּערס געמיט־צושטאַנד איז אַ חסידישער, אַ פריילי־כער, אַ גם־זו־לטובה'דיגער. ער האָט פיינט עצבות. ער דער־זעט גיכער דעם דינעם־זילבער־זוים פון דעם וואָלקען, ווי זיינע דיקע, שוואַרצע פּאָלעס. ער אליין זאָגט, אַז דער שליסעל צו אים, צו זיין וועלט־אַנשויאונג, געפינט זיך אין זיין ליד — „נאָך אַלעמען".

„נאָך אַלעמען איז גאָרניט אַזוי שלעכט צו לעבען.
שטייסט אויף פרימאָרגען דערפילסטו ווער מען אָפּצוגעבען
אַ לויב דערפאַר, וואָס דורך די שויבען
שיקט ווער דיר אַזאַ ליכטיגקייט פון אויבען.
און מאַכט זיך ווען־ניט־ווען
אַ טאָג פאַרוואָלקענט און טומאַנען
איז אויך אין דעם קיין אומגליק ניט פאַראַנען.
זינגד אָן דאָס אויוועלע
און לאָז זיך עס צעברענען
און דו וועסט קענען פלאָם אַליין זיך ניט דערקענען."

קוקט שוין וויינפּער אויף יעדער זאַך דורך זיינע אייגענע העלע ברילען. וואָס אַרט אים, וואָס דער חודש אלול איז כמעט ביי יעדען, דיכטער און ניט־דיכטער, אַ סינאָנים פאַר'ן הערבסט, פאַר דעם וויינענדיגען, פאַרכמאַרעטען און אומעטיגע[ן] הערבסט. ביי אים האָט ער אַן אַנדער פּנים. און ניט דערפאַר וואָס ער איז באַגייסטערט געוואָרען פאַר אונזער אַמעריקאַנע[ר] „אינדיאַן סאָמער", וואָס באַצאָלט אונז מיט עטליכע צענדלי[ג] זוניגע טעג פאַר די רעגענס און וואָלקענס פון אונזער פרילינג. וויינפּער איז, ווי מיר וועלען אביסעל ווייטער זען, אַ דיכטער פון דער עטוואָס אָפּגערוקטער פּערספּעקטיווע. זיינע מאָטיווען זיינען מערסטענס עבאָס פון זיינע פריערדיגע יאָרען. דער אלול איז טאַקע אַ היימישער, פון זיין אוקראַי[ני]שער אידיש שטעטעל. דאָס איז טאַקע דער אלול, ווען „אַ פּיי[ער] אין וואַסער ציטערט", ווי געוויינליך. אונזער גוט־באַקאַנטער אלול, דער פּרעלוד צו די ימים־נוראים.

דאָס איז אַזוי ביי אַלעמען פון אונז, אָבער ניט ביי וויינ־פּערן. ביי אים בענקט גאָר דאָס שטעטעל נאָכ'ן אלול באַמערקט, אַז עך רופט אים אַפילו ניט אָן מיט'ן נאָמען. אַזאַ וואָרט ווי אלול איז ניטאָ ביי וויינפּערן.

„בענקט דאָס שטעטעל נאָכ'ן חודש,
ווען עס נעמען בלעטער פאַלען
און די פּני און די כלי־קודש
נעמען אין די שופרות שאַלען.
איז דער חודש דאָך דער שענסטער —
שענער נאָך פון חודש תמוז."

האַ, עס קוקט אויס ווי איבערטריבען, ווי נעקינסטעלטע התפּעלות? אַ שיינע זאַך כ'לעבען. אלול איז שענער ווי דער קלאָרער תמוז! אָבער ניין. וויינפּער איז עכט. וויינפּער איז מריי צו זיך. ער זעט טאַקע אַזוי בחוש. אָט לייענט ווייטער:

„אויסגעוואַשען טיר און פענסטער
און רב חיימעל דער שאַמעס
דאַרף שוין גיט צו תהילים וועקען
מיט זיין גראָבען באָרען שטעקען.
אידען לייגען זיך ניט שלאָפען,
ליכטיג איז אין אַלע געסלאַך.
אַלע קלייטען זיינען אָפען,
גאַז פאַרקויפט זיך גאַנצע פעסלאַך.
און אויף אַלע נאָענטע וועגען,
טעג און נעכט גאָר אָן אַ סדר,
קומען אידען זיך אַנטקעגען
מיט פאַרשטויבטע, גראָע קליידער,
ווער עס פאָרט אויף אַן עגלה,
ווער צו פוס על פּי קבלה."

יע, וויינפּער איז אפילו דאָרט אַ ליריקער, וואו ער שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות צו פאַרגעסען אָן זיך, אָן זיין אייגענעם געמיט־צושטאַנד, פאַרמאַכט שטייף זיינע אויגען, און פּרואווט צו צעוויגען זיך אין אַן עפּישען צושטאַנד. דאָ און דאָרט געלינגט עס אים אפילו אין עטליכע שורות צו באַפרייען זיך פון זיין סוביעקטיוויזם און דערשווינגט זיך אפילו צו דער מדרגה פון סימבאָליזם —

„שטייען שטיבער אָן אַ סדר
ליים די ווענט און שטרוי די דעכער,
נאָר די שול איז מיט אַ גדר
און פון אַלע חייזער העכער . . .
און אין מאַרק אַ צענדליג קלייטען
און צוויי ברונעמער מיט קייטען" . . .

גאַנץ אָביעקטיוו, כמעט עפּיש, אפילו סימבאָליש. אָבער דאָס איז נאָר אויף אַ ווײַלע. אין עטליכע פערזען שפּעטער קוקט ער שוין ווידער מיט זיינע אויגען. די הוידע האָט זיך אָפּגעשטעלט. וויינפּער דערפילט ווידער זיין באָדען אונטער די פיס. ער האָט דערפון שטאַרק הנאה. דאָס איז זיין ערד, זיין וועלט. ער האָט מורא צו פאַרקוקען זיך לאַנג אויף עפּעס, וואָס איז אים ניט היימיש. ער פילט, אַז קיין גוטס וועט דערפון ניט אַרויסקומען.

„און ווידער האָט דער פּאַסטוך צו דעם הימעל זיך פאַרקוקט.
און ווידער האָט דער וואָלף אַ שעפעלע פאַרצוקט."

אַזאַ איינער, וואָס פאַרקוקט זיך צום הימעל, ווען נאָענט ביי זיין זייט זיצט אַ בלאָנד־געלאָקטע מיידעל, „מוז זיין אַ גרויסער נאַר, צי גאָר אַ קינד". אין דעם איז וויינפּער זיכער. עס קען גאָר אַנדערש ניט זיין.

„אַמאָל, אַמאָל איז ערגעץ־וואו אַ טייכעל שטיל געפלאָסען
און אויפ'ן טייכעל איז אַ ווייסער שוואָן אַרומגעשוואומען.
נו, איינמאָל איז אַ יעגער אָנגעקומען

מיט נעצען אָן מיט שאַרפע פייל און בויגען.
און ווי עס האָבען זיינע אויגען
דעם שווימענדיגען שוואַן אין טייך דערזען,
איז גלייך געשען דאָס, וואָס האָט געדאַרפט געשען."

אַנדערש קען דאָס גאָר ניט מיט אַ קלוגען יעגער פאַסירען. סיידען ער וואָלט אַ נאַר געווען, אָדער ער וואָלט בשעת מעשה אויפ'ן הימעל געקוקט . . . אַזוי זעט וויינפער און ער גלויבט, אַז אַזוי מוזען מסתמא אַלע זען, ווען ניט זיינען זיי נאַראָנים.

עס אינטערעסירט אונז איצט ניט צי וויינפער איז גע־רעכט, צי ניט. מעגליך, אַז ער איז אומגערעכט, אָבער ער פאַר־כאַפּט אונז מיט זיין אמת, מיט דעם כח פון זיין עכטען ליריזם.

וויינפער איז, ווי שוין אויבען באַמערקט, אַ דיכטער, וואָס מוז האָבען פאַר זיך אַן אָפּגערוקטע פּערספּעקטיווע. ער קען ניט רעאַגירען אויף אַן ערשיינונג, וואָס איז אָט ערשט פאָרגע־קומען. זי מוז זיך ביי אים פריער אויסשטיין. ער קען אויפ־נעמען שפּעטער איר עכאָ, איר אָפּשפּיגלונג, אָבער ניט אין איר פרישער, רודעמענטאַלער פאָרם. דאָס דערקלערט אונז פאַרוואָס וויינפער האָט אין זיינע דריי ביכער קיין איין ליד ניט, וואָס זאָל זיך באַציען צו די לעצטע שרעקענס־יאָרען פאַר אידען אין אוקראַינע. עס איז אוממעגליך דאָס צו דערקלערען מיט זיין סוביעקטיוויזם אַליין. ווי שייך האָט דאָס וויינפער ניט געהאַט קיין איין באַקאַנט אוקראַיניש שטעטעל, וואָס איז אוועק מיט אַש און רויך אין די לעצטע בלוטיגע יאָרען.

און וואָס אַ ווייטערע פּערספּעקטיווע וויינפער האָט פאַר זיך, אַלץ פרעכטיגער און צייטיגער קומט אַרויס זיין ליד. נעמט זיין „מאַמע":

„האָסטו צוגעדעקט מיך מיט דיין וואַרעם קלייד,
אַ ריר געטאָן מיין קישען מיט דער האַנט
און אויף די שפּיצען פינגער שטילערהייט
ביזטו אַוועק אין ווינקעל צו דער וואַנט.
אַ לעמפּעל האָט אין ווינקעל מאַט געברענט
און פעדערען געפליקט, געפליקט געשווינד
האָסטו מיט דיינע ציטערדיגע הענט,
מיט דיינע בלייכע ציטערדיגע הענט.

אַזעלכע האַרציגע, געפילפולע לידער האָט וויינפער ניט ווייניג אין דער זאַמלונג. אַ שאָד נאָר, וואָס אַהין זיינען אויך אַריין עטליכע שוואַכע לידער, וואָס גיבען לחלוטין צו איר גאָר ניט צו. אַזוי האָבען ניט געמעגט אַריין אַזעלכע לידער ווי „בים־באַם־באָם", „אַ אינגעלע", „מיין היים" (דריי שורות אין צווייטען פערז הרג'ענען אַוועק דאָס אין אַלגעמיין שיין ליד) און „דאָס ווינטעלע פון דרום".

ווי האָט טהאָמאַס קאַרלייל אַמאָל געשריבען: מ'וואָלט געדאַרפט צאָלען די דיכטער פאַר די לידער, וואָס זיי האָבען ניט געשריבען. איך וואָלט זאָגען, אַז מ'דאַרף זיי רימען פאַר די שוואַכע לידער, וואָס זיי האָבען ניט אַריינגענומען אין זייערע זאַמלונגען.

---

# מיין טעמפּעל

## פון ל. בערקאָוויטש

מיין טעמפּעל שטייט אָפען און אויפגעראַמט גאַנצענע טעג.
אַלע שלעסער אויפגעשלאָסען, אַלע ריגלען אויפגעריגעלט;
די בליצלאָמפּען פולע מיט נאַפט, און אַ פולער מיט וואַסער דער האַנט־פאַס.
דער שיין פון געלייטערטע זונען פילט אַן יעדען ווינקעל און שפּאַרע;
דער טרייסט פון געלייטערטע הערצער וויברירט אין דעם הייליגען אויר.
מיין שוועל וואַרט אַ גרייטער אויף טריט פון דעם קרעציגען בעטלער,
מיט העמדער גענייטע פון לייווענט און לאַפּטשעס געפלאָכטען פון קאָרע,
מיט פלאַקס־באַנד פאַרגאַרטעלט די לענדען און טרוקענעם ברויט אין זיין טאָרבע,
מיט אויגען באַברעמט און פאַרוואָלקענט, אַ האַרץ אויסגעלייטערט פון פיינען.
מיט הענט אויסגעשטרעקט פאַר נדבות, און בעטלענדע ליפּען, וואָס בענשען
דער וועלט פאַר אַ שטרויען געלעגער, פאַר טרוקענעם ברויט און פאַר וואַסער.
זאָל קומען דער קרעציגער בעטלער מיט גוטע פאַרוואָלקענטע אויגען,
מיט פלאַקס־ווייסען באָרד און פאות, די פאַרב פון פאַרשטאָרבענע דורות —
וועט אפשר מיין גרויקייט צעשווימען אין זיינע געלייטערטע אויגען.

---

# אייזער וואָס

## פון בער עין

נאָך איז ניט צעשוואומען
און פאַרשטומט דער אָפּקלאַנג פון דעם פרילינגס טריט
דורך די צווייגען און די שפּראָצען און די בלומען —
און שוין איז דער פרילינג לאַנג פאַרבליט. \

נאָך איז ניט צעבלאָזען
און פאַרוועיט דער הויך פון יונגפרויליכער שמאַכט
פון די זאַפטיגע און תאוה'דיגע גראָזען —
און שוין אויסגעצערט איז זייער טראַכט.

און — נאָך קוים צעלאָפען
האָט זיך רעכט מיין יוגענדס שטורמישער גאַלאָפּ —
ווי מען דאַרף שוין געהן אין קיהלען קבר שלאָפען
מיט אַ שניי באַדעקטען אַלטען קאָפּ.

# איין און צוואַנציגסטער רעפּאָרט
# צו דער צוויי און צוואַנציגסטער קאָנווענשאָן
# פון אַרבעטער־רינג
# אין טאָראָנטאָ, קענעדע

## נאַציאָנאַלע באַאַמטע פאַר 1921-1922

ר. גוסקין, טשערמאַן
י. ראָבערטס, וויים־טשערמאַן
ל. ראָטהמאַן, טרעזשורער
י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער
פּ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער
מאיר לאָנדאָן, ליגעל אדוויזער
י. ב. ביילין, רעדאַקטאָר

## די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע

סאַניטאַריום קאָמיטע:
ר. גוסקין
ל. ראָטהמאַן
מ. אשפּיז
מ. ספּינראַד
ר. נעכאַמקין

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע:
ל. דינערשטיין
ב. קרינסקי
ר. זאַלצמאַן
ב. לעוויטאַן
י. ראָבערטס

בענעפיט קאָמיטע:
ס. יאַקאָבי
ל. ביילין
מ. מאַלאַט
מ. פרידמאַן
נ. סאַפירמאַן

עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע:
א. ליעסין
נ. כאַנין
ה. בורגין
ה. לאַנג
מ. גורעוויטש

אָפּיס קאָמיטע:
י. מ. ראָזענבלאַט
נ. פריימאַן
י. ראָטהמאַן
מ. מאַנדעל
מ. אייבראַמס

גריוועגס קאָמיטע:
מ. העסקעל
ר. בלאַק
א. וויינבערג
ב. גילמאַן
ב. קראַפּקאַ

## נאַציאָנאַלע באָרד אוו דירעקטאָרען

מ. איוועגסקי, ניו־יאָרק
מ. מינדלין, ניו־דזשוירזי
ס. עטינגער, פּענסילווייניאַ
ל. בענעסאָן, אילינאָי
ס. רובין, וויסקאָנסין
ס. שטראַוס, טאָראָנטאָ, קענ.
י. פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד
ד. פּייבעסאָוויטש, אָהייאָ
י. מאַרגאַליס, מאָנטריאַל, קענ.
ל. סיימאָנס, קאַליפאָרניע
וו. סאַק, קאָנעטיקוט
ס. יאָנאַס, מאַסאַטשוזעטס
מ. ליקמאַן, מערילאַנד
ל. מילער, ווירדזשיניאַ
י. בערנשטיין, מישיגען
ב. גראַדינסקי, מעין
י. אַנדרעס, טעקסאַס
ה. בעלמאַן, מינעסאָטאַ

סאַניטאַריום מעדיקאַל אַדוויזאָרי באָרד:
דר. דזש. האַלפּערן
דר. ס. אונגערמאַן
דר. מעק־סוויני
דר. ש. פּעסקין
דר. מ. ראָזענטהאַל

אַלגעמיינע מעדיקאַל אַדוויזאָרי באָרד:
דר. דזש. האַלפּערן
דר. י. מעריטאַן
דר. אב. קאַספּע
דר. ס. סילווערבערג
דר. היימאָוויץ
דר. ב. נעלסאָן
דר. פּעני דעמבאָ
דר. י. באַרסקי

# קאנווענשאן אפטיילונג

## באריכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע

### צו די דעלעגאטען פון דער 22־טער קאנווענשאן און צו אלע מיטגלידער פון ארבעטער־רינג

ווערטע פריינד :—

אין דעם יערליכען באריכט פון דער נאצ. עקזעק. קאמיטע, איז פאר אונז ניט נייטיג זיך אפצושטעלען אויף אלע פארשידענע איינצעלהייטען, וועלכע זיינען אין פארלויף פון יאר אונטערנומען און דורכגעפירט געווארען. ווייל, די ארבעט פון די פארשידענע קאמיטעס, וועלכע שטעלען צוזאמען די נאצ. עקזעק. קאמיטע, וועלען אין זייערע רעפארטס באזונדער באריכטען. מיר וועלען דעריבער אן איבעריגע הקדמות איבערגיין צו אונזער באריכט, וועלכער וועט זיך באציען בלויז אויף פראגען, וועלכע טראגען אן אלגעמיינעם כאראקטער און וועלכע זיינען דורכגעפירט געווארען פון דער גאנצער עקזעקוטיוו קאמיטע.

### אלגעמיינע ארבעטער־רינג פראגען

#### די פאראייניגונג מיט דער לייבאר־ליג

די לעצטע קאנווענשאן אין באסטאן האט אנגענומען און גוטגעהייסען דעם אפמאך, וואס איז אויסגעארבעט געווארען וועגען דער פאראייניגונג צווישען דעם ארבעטער־רינג און דעם לייבאר־ליג. עס איז איבערגעלאזען געווארען פאר אונז בלויז דורכצופירען די לעגאלע זייט פון דער פאראייניגונג פוןביידע ארגאניזאציעס. באלד ווי מיר זיינען אריין אין אמט, האבען מיר אט די פראגע אוועקגעשטעלט אויפ'ן טאג־ארדענונג און מיר האבען גענומען דורכפירען דעם באשלוס פון קאנווענשאן. די אפיציעלע פאראייניגונג פון לייבאר־ליג און ארבעטער־רינג איז פארגעקומען נאכדעם ווי אלע געזעצליכע פראגען, וואס זיינען געווען פארבונדען מיט דער דאזיגער פאראייניגונג זיינען געלייזט געווארען.

אנפאנג מאנאט סעפטעמבער זיינען אלע ברענטשעס פונ'ם לייבאר־ליג אפיציעל אינסטאלירט געווארען אלס ברענטשעס פון ארבעטער־רינג. די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע, צוזאמען מיט דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, האבען דורכגעפירט די אינסטאליישאנס פון די ברענטשעס פון לייבאר־ליג פון די פארשידענע שטעט און שטעטלאך פון מאסאטשוזעטס סטייט. מיר ווילען זיך דא ניט אפשטעלען אויף די פארשידענע איינצעלהייטען און די רוטינע דורכפירונג פון אט דער פאראייניגונג, ווייל וועגען דעם וועלען ווארשיינליך די ארגאניזאציאנס קאמיטע און אויך די אפיס קאמיטע באריכטען. מיר ווילען בלויז זאגען, אז מיט דער דאזיגער פאראייניגונג איז פארענדיגט געווארען דער לעצטער קאפיטעל פון דעם גרויסען און לאנג־יעריגען קאמף, וואס דער ארב. רינג האט אנגעפירט צו ווערען געזעצליך אין מאסאטשוזעטס סטייט.

אין פארבינדונג מיט דעם טשארטער אין מאסאטשוזעטס סטייט, ווילען מיר דא דערמאנען וועגען דער רעזאלוציע, וואס די לעצטע קאנווענשאן האט אנגענומען וועגען א פאראייניגונג צווישען דעם ארבעטער־רינג און דעם אינדעפענדענט ארבעטער־רינג. דער א. ר. איז שטארק גענוג פינאנציעל און מאראליש און קען זיך האלטען אויף זיינע אייגענע פיס; ער איז אבער גרייט צו יעדער צייט אויסצושטרעקען א ברידערליכע האנט צו אלע ארגאניזאציעס, וועלכע ארבעטען אין דער זעלבער ליניע, טראגען אין אלגעמיין דעם זעלבען כאראקטער און זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם זעלבען גייסט. אין אט דעם זין איז אנגענומען געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן א רעזאלוציע צו רופען דעם אינדעפענדענט ארבעטער־רינג פאר פאראייניגונג. די דאזיגע רעזאלוציע איז געשיקט געווארען צו דער קאנווענשאן פון יענער ארגאניזאציע, וועלכע איז אפגעהאלטען געווארען גלייך נאך אונזער קאנווענשאן:

„אין אנבאטראכט, אז איצט זיינען אלע שוועריגקייטען באזייטיגט געווארען דורך דעם ארבעטער־רינגס געזעצליכקייט אין מאסאטשוזעטס סטייט, און עס זיינען ניטא קיין אורזאכען צו האבען צוויי ארבעטער־רינגס אין אמעריקע, וועלכע אונטערשיידען זיך ניט אין זייערע גרונד־פרינציפען, נאר צעשפליטערען בלויז די קרעפטען און פארשאפען א ברודער־קאמף; און

אין אנבאטראכט, אז אין די אינטערעסען פון דער ארבעטער־באוועגונג מוזען אלע קרעפטען אנגעווענדט ווערען צו זיין פאראייניגט נעגען אונזער אלגעמיינעם שונא,

באשליסט די 21־טע קאנווענשאן פון א. ר. צו רופען דעם אינדעפענדענט א. ר. צו א פאראייניגונג. מיר שיקען אויך א ברודער־גרוס צו די דעלעגאטען פון דער אינד. א. ר. קאנווענשאן, וועלכע דארף קירצליך אפגעהאלטען ווערען, און מיר ערווארטען אז די דאזיגע קאנווענשאן וועט אננעמען די פאסענדע מיטלען זיך צו טרעפען מיט דער עקזעקוטיוו פון א. ר., אויסצוארבעטען אלע פלענער פאר א פאראייניגונג.

די קאנווענשאן דריקט אויס דעם וואונש, אז אונזער נייערוויילטע נאציאנאלע עקזעקוטיוו וועט האנדלען אין אט דער פראגע פון פאראייניגונג לויט דעם גייסט און וואונש פון דער קאנווענשאן און דער ברייטער מיטגלידערשאפט — פאר איין א. ר. אין אמעריקע."

דער ענטפער אויף אונזער רעזאלוציע איז געווען פאלגענדער:

„די 15-טע קאנווענשאן פון אינדעפענדענט א. ר., פארזאמעלט אין הארטפארד, קאנ., פארהאנדלענדיג די רעזאלוציע פון באסטאנער קאנווענשאן פון א. ר. וועגען פאראייניגונג, איז נאך אן אלזייטיגער דיסקוסיע וועגען דער פראגע געקומען צום באשלוס: אז א פאראייניגונג פון אינדעפענדענט א. ר. מיט דעם א. ר. קען ניט געשען צוליב פרינציפיעלע און פראקטישע טעמים; אויף וויפיל דער אנבאט פאר פאראייניגונג דריקט אויס די פריינדשאפט פון דעם א. ר. צום אינדעפענדענט א. ר., באגריסען מיר דעם א. ר. און דריקען אים אויס אונזער דאנק. עס איז די האפענונג, אז די באציאונגען פון ביידע ארגאניזאציעס וועלען בלייבען פריינדליכע".

מיר וועלען ניט אריינגיין אין די איינצעלהייטען פון זייערע מאטיוען; מיר קענען אויף קיינעם ניט ארויפצווינגען קיין פריינדשאפט. מיר ווילען בלויז דערקלערען. אז דער ארבעטער־רינג איז שטענדיג גרייט אויפצונעמען א פריינדליכען פארשלאג וועגען א פאראייניגונג מיט וועלכער עס איז ענליכער ארבעטער־ארגאניזאציע, אויף וויפיל יענע ארגאניזאציע איז דורכגעדרונגען מיט די שטרעבונגען און צילען פון דעם ארבעטער־קלאס.

#### קאמפיין פאר נייע מיטגלידער

אבוואל די פראגע פון מיטגלידערשאפט־קאמפיין באלאנגט אויסשליסליך צו דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, און זיי וועלען דאס זיכער בארירען אין זייער רעפארט מיט מערערע איינצעלהייטען, דאך געפינען מיר פאר נייטיג עטוואס צו זאגען.

די אומגינסטיגע לאגע און דער שרעקליכער קריזיס, וועלכער האט געהערשט היינטיגען יאר, האבען געפירט צו דעם, אז טראץ אלע אונזערע אנשטרענגונגען אויף דעם געביט פון ארגאניזאציאנס־טעטיגקייט, איז אונזער ארגאניזאציאנס־קאמפיין ניט געווען אזוי ערפאלגרייך ווי די קאמפיינס אין די פאריגע יארען.

א גרויסע צאל מיטגלידער פון א. ר. זיינען אין פארלויף פון יאר צוליב עקאנאמישע אומשטענדען ארויסגעפאלען פון אונ-

זערע רייען. מיר האָבען געפילט, אַז אין אַזאַ צייט איז נאָך מער נייטיג אָנצושטרענגען אַלע אונזערע קרעפטען אויף דעם געביט פון אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייט, און מיר האָבען ארויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די ברענטשעס פון א. ר. אָנצופירען א קאַמפיין פאַר נייע מיטגלידער. און א דאַנק אָט דעם שוואַרקען און אינטענסיווען קאַמפיין, וועלכער איז אָנגעפירט געוואָרען פון אַלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איבער'ן לאַנד אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, זיינען די רעזולטאַטען פאַרהעלטניסמעסיג גאַנץ צופרידענשטעלענדע. אין פאַרלויף פון יאָר זיינען אריינגענומען געוואָרען איבער אַכט טויזענט נייע מיטגלידער, אויסער די דריי טויזענט מיטגלידער פון לייבאָר־ליג. אמת, צוליב דער עקאָנאָמישען קריזיס זיינען א גרויסע צאָל מיטגלידער געשטראָכען געוואָרען און דאָס האָט פאַראורזאַכט אַז דער געוויינליכער וואוקס פון א. ר. זאָל דעם יאָר ניט האָבען דערגרייכט דעם געווינשטען ציל. ווען מען נעמט אָבער אין אַנבאַטראַכט, אַז אַלע גרויסע פראַטוירנאַל אָרדענס, וועמעס מיטגלידערשאַפט באַשטייט פון מיטעל־קלאַס און רייכע עלעמענטען, האָבען לעצטען יאָר געהאַט פאַרלוסטען אין צענדליגער טויזענטער מיטגלידער, האָבען מיר זיכער ניט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגען, ווייסענדיג אַז נאָך אַלעמען האָבען מיר נאָך געהאַט א געוויסען געווינס אין מיטגלידערשאַפט, אָבער פאַר קיין פאַל ניט קיין פאַרלוסט.

## די העכערונג פון קראַנקען־בענעפיט

צווישען די פאַרשידענע רוטינע אַרבעט, מיט וואָס דער נאַצ. עקז. קאָמיטע איז אויסגעקומען צו באַשעפטיגען זיך, איז געווען די פראַגע פון העכערען דעם קראַנקען־בענעפיט. ווי באַוואוסט, האָט די קאָנוועַנשאָן און רעפערענדום באַשלאָסען, אַז די קראַנקען־בענעפיט זאָל געהעכערט ווערען פון 6 דאָל. אויף 8 דאָל. א וואָך און פאַר די עקסטראַ צוויי דאָלאַר זאָלען די מיטגלידער צאָלען 15 סענט א קוואַרטאַל, אויב דער עקטשוערי וועט געפינען אַז די 15־סענטיגע וועלען זיין גענוג צו דעקען די העכערונג פון צאָלונגען פון קראַנקען־בענעפיט.

מיר האָבען די פראַגע אויפגענומען נאָכדעם ווי מיר האָבען פון אונזער עקטשוערי געקראָגען די נייטיגע אינפאָרמאַציע אין פאַרבינדונג מיט דער העכערונג פון קראַנקען־בענעפיט. לויט דער מיינונג פון עקטשוערי, וועט דער אַסעסמענט פון 15 סענט א קוואַרטאַל ניט דעקען אין גאַנצען די עקסטראַ צוויי דאָלאַר העכערונג אין קראַנקען־בענעפיט. מיר האָבען אָבער גענומען אין אַנבאַטראַכט, אַז די העכערונג פון קראַנקען־בענעפיט איז געווען דער וואונש פון קאָנוועַנשאָן און פון דער ברייטער מיטגלידערשאַפט, און ווייסענדיג אַז דער איצטיגער צושטאַנד אין קראַנקען־בענעפיט איז זייער א גוטער און א זיכערער, און עס איז ניטאָ קיין געפאַר אַז פאַר דער העכערונג פון צוויי דאָלאַר אויף די קראַנקען־בענעפיט זאָל מען אַנשטאָט 15 סענט דאַרפען צאָלען 30 סענט, לויט דער פראָפאָרציע פון די ביז־איצטיגע צאָלונגען, האָבען מיר באַשלאָסען איינצופירען די העכערונג פון קראַנקען־בענעפיט אַלס אַן עקספערימענט פאַר די נעקסטע עטליכע יאָר.

אָט די איינפירונג איז אריין אין קראַפט דעם 1־טען יאַנואַר 1922.

## באַסקין און געליבטער ווידער ערוויילט

פר. י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, און פר. פ. געליבטער, עקזעקוטיוו סעקרעטער, זיינען פון אונז ווידער ערוויילט געוואָרען צו זייערע עמטער פאַר'ן קומענדען יאָר. זייער אַרבעט ווערט געטאָן מיט טרייהייט און איבערגעבענהייט צו דער אָרגאַניזאַציע, און שטענדיג אין פולער האַרמאָניע מיט דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג.

## די 15־נער קאָמיטע און דער כלומרש'דיגער קאַמף פאַר „פרינציפען“

באַלד נאָך דער קאָנווענשאָן, ווען דער רעפערענדום איז ארויסגעגאַנגען צו די ברענטשעס פאַר אָפשטימונג, האָט בר. 225 פון ניו־יאָרק ארויסגעשיקט א צושריפט צו אַלע ברענטשעס פונ'ם ארב. רינג, דערקלערענדיג, אַז די לעצטע קאָנווענשאָן אין באָסטאָן האָט אָפגעשאַפט אַלע דעמאָקראַטישע איינריכטונגען אין אונזער אָרדען, פאַרניכטעט געוויסע פונקטען פון אונזער קאָנסטיטוציע, און אַז די עקז. קאָמ. פון לעצטען יאָר האָט צוליב דעם טשאַרטער פון מאַסאַטשוזעטס פאַרראַטען די פרינציפען פונ'ם א. ר.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אָט דער צושריפט האָט געמאַכט א געוויסען איינדרוק און האָט אריינגעבראַכט א צעמישעניש אין די מוחות פון פילע פון אונזערע מיטגלידער, וועלכע זיינען ניט באַקאַנט מיט דער גאַנצער אַקטיוויטעט פון א. ר. אויף דעם געביט פון לעגאַליזאַציע, און איבערהויפט מיט דער לעגאַליזאַציע אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

די נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרען, וועלכע האָט געהאַט איר זיצונג א קורצע צייט נאָכדעם ווי דער אויבענדערמאָנטער בר. האָט ארויסגעשיקט דעם צושריפט, האָט איינגעזען, אַז „אַגיטאַציע“ פון דעם סאָרט, מצד אונזערע אייגענע ברענטשעס, שאַפט בלויז מיסטרויען אין אונזערע רייען, און האָט באַשלאָסען ארויסצושיקען א דערקלערונג צו אַלע ברענטשעס וועגען אָט דער אַנגעלעגענהייט. מיר האָבען אויך געפונען פאַר נייטיג צו לאָזען הערען אונזער וואָרט אין דער פראַגע. אויך מיר האָבען ארויסגעשיקט א צושריפט צו די ברענטשעס, אין וועלכען מיר האָבען קלאָר געמאַכט, אַז בר. 225 האָט פשוט געמאַכט א שטורם אין א גלאָז וואַסער; אַז זייערע באַהויפטונגען זיינען ניט געשטיצט געווען אויף ממשות'דיגע זאַכען, נאָר אויף קריוורעדעס, וועלכע זיי האָבען כלומר'שט געהאַט צו דער פאַרוואַלטונג.

בלויז עטליכע ברענטשעס האָבען זיך אָפגערופען אויף דעם צושריפט פון בר. 225 און האָבען ביי א קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק ערוויילט א 15־נער קאָמיטע, וועלכע האָט געזאָלט „אויפקלערען“ די ברייטע מיטגלידערשאַפט וועגען דעם „פאַרראַט“, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרען געגען די פרינציפען פון א. ר. אָט די שומרים פון א. ר. האָבען דאָס געדאַרפט אָנפירען א קאַמפיין פון אויפקלערונג און אַגיטירען אַז דער א. ר. זאָל צוריק איינפירען זיינע פרינציפיעלע און דעמאָקראַטישע איינריכטונגען, וועלכע זיינען כלומר'שט „פאַרניכטעט געוואָרען צוליב דער לעגאַליטעט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.“

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער גאַנצער קאַמפיין איז געפירט געוואָרען מיט ניט זייער קיין זויבערע מיטלען. מען האָט פשוט פאַרשפרייט ליגענס, בלבולים, מ'האָט פאַרלוימדעט און געוואָרפען שמוץ אויף אַלץ און אַלעמען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט דער פאַרוואַלטונג פון א. ר.

מען האָט פאַרשפרייט מיסטרויען צו דער אַדמיניסטראַציע, צו די באַאַמטע און צו דעם ליגעל אַדווייזער פון א. ר. מ'האָט אַנגעשטעלט אַן איינגענעם לאָיער און אים איבערגעגעבען די גרויסע מיסיע אויסצוגעפינען אויב דער א. ר. מעג האָבען א פרינציפען־ערקלערונג, אָדער ניט.

נאָך א געוויסער צייט פון „פאָרשונגען און אונטערזוכונגען“ האָט דער געלערנטער יוריסט ענדליך אַנטדעקט, אַז „ער דענקט“ דאָס דער א. ר. מעג האָבען א פרינציפען־ערקלערונג. און די נייע רעטער פון דעם א. ר. האָבען גענומען טרומייטערען וועגען דער דאָזיגער אַנטדעקונג און וועגען דעם גרויסען נצחון וואָס זיי האָבען געהאַט איבער די פאַררעטער, וועלכע האָבען „באַרויבט“ דעם א. ר. פון זיינע פרינציפען.

עס לוינט זיך ניט אָפצושטעלען צופיל אויף דער דאָזיגער אַגיטאַציע, און די אַרט און ווייזע ווי אַזוי זי איז געפירט געוואָרען. ווייל די גאַנצע באַהויפטונג זייערע איז פון אָנפאַנג ביז'ן סוף א פאַלשע, און פילע פון די אָנפירער פון דער דאָזיגער אַגיטאַציע האָבען דאָס אַליין גאַנץ גוט געוואוסט. יעדער ערענהאַפטער מיטגליד פון א. ר., וועלכער איז נאָר עטוואָס באַקאַנט מיט די פאַסירונגען אין אונזער אָרגאַניזאַציע פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, ווייסט, אַז די פראַגע וועגען די „פרינציפען־ערקלערונג“ איז פאָרגעקומען ביי דער 20־טער קאָנווענשאָן אין נוארק, דאָס הייסט מיט א קאַרגען יאָר פריער, איידער דער א. ר. איז געוואָרען געטשאַרטערט אין מאַסאַטשוזעטס. און עס האָט זיך איבערהויפט ניט געהאַנדעלט וועגען יאָ מעגען האָבען א פרינציפען־ערקלערונג אָדער ניט. אַלע ווייסען, און קיינער האָט ניט געלייקענט, אַז דער א. ר. מעג האָבען א פרינציפען־ערקלערונג. עס האָט זיך נאָר געהאַנדעלט וועגען איין פראַזע אין דער פרינציפען־ערקלערונג, געגען וועלכער דער אינשורענס דעפאַרטמענט פון ניו־יאָרק האָט געמאַכט אַן אויסזעצונג, און וועלכע האָט ניט געקענט געזעצליך דורכגעפירט ווערען אין לעבען לויט די אינשורענס געזעצען פון אַלע סטייטס. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער א. ר. אַלס געזעצליך געטשאַרטערטער אָרדען איז אונטערוואָרפען אונטער די געזעצען, וועלכע רעגולירען אַלע פראַטוירנאַל אָרדערס אין לאַנד. דער פאַקט איז, אַז די נוארקער קאָנווענשאָן האָט אַנגענומען א נייע פרינציפען־ערקלערונג, וועלכע איז ארויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס פאַר אָפשטי־

מונג. ביי דער זעלבער קאנוו. איז אויך באשלאסען געווארען, אז אויב די נייע פרינציפען-ערקלערונג וועט ניט גוטגעהייסען ווערען פון די מיטגלידער, זאל דער א. ר. פארלויפיג בלייבען אן אן אפיציעלער פרינציפען-ערקלערונג, און בעסער ווארטען ביז א גינסטיגען מאמענט, ווען די כוואליע פון רעאקציע וועט ארונטערפאלען און מ'וועט קענען אננעמען א פרינציפען-ערקלערונג, וועלכע זאל זיין אין דעם גייסט ווי די ברייטע מיטגלידערשאפט וויל איר האבען.

דאס זיינען די אמת'ע פאקטען. די זאגענאנטע 15-נער קאמיטע האט אבער, צוליב אומוויסענהייט, אדער צוליב אנדערע רעמאגאגישע צוועקען, די דאזיגע פאקטען אזוי צעדרייט און מיסרעפרעזענטירט, אז די עקזעקוטיוו קאמיטע האט ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג, און האט געשיקט פארטרעטער צו אייניגע קאנפערענצען, וועלכע די 15-נער קאמיטע האט פאררופען (ווי צ. ב. ש. אין פילאדעלפיע און אין ניו-יארק) און אויך די איינצעלנע ברענטשעס, וועלכע האבען געוואלט האבען מער אינפארמאציע אין אט דער פראגע.

ביי די דאזיגע קאנפערענצען, קומענדיג פנים אל פנים מיט די פארטרעטער פון דער 15-נער קאמיטע, האט זיך נאך מער ארויסגעצייגט, אז אלע זייערע באהויפטונגען זיינען ניט געווען געשטיצט אויף פאקטען, נאר פשוט אויף השערות; אז מיט די מעטאדען, וועלכע זיי האבען אנגעווענדט, האבען זיי באצוועקט אריינצוברענגען שטרייטיגקייטען אין די רייען פון א. ר. און אז דער דאזיגער כלומר'שריגער קאמף איז אויסגענוצט געווארען פון מאנכע עלעמענטען אלס „מאנעוורע" פאר די וואל-קאנפערענצען פון א. ר.

די קאנפערענץ צו נאמינירען די פארוואלטונג פאר'ן יאר 1922-1923, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין ניו-יארק דעם 19-טען פעברואר, האט דאס קלאר באוויזען. ווען עס איז ביי דער קאנפערענץ פעסטגעשטעלט געווארען, אז די דאזיגע עלעמענטען האבען אן אומבאדייטענדע מינאריטעט, האט א גרופע דעלעגאטען פון זייער צד אנגענומען אלע מיטלען אפצוברעכען די קאנפערענץ. ווען זיי האבען געזען, אז דאס וועט זיי ניט געלינגען, האבען מאנכע פון זיי פארלאזט די קאנפערענץ, און נאכהער פארשפרייט צווישען די ברענטשעס א פאמפלעט, וועלכער איז געווען פול מיט זידלעריי און בלבולים געגען דער פארוואלטונג און געגען דעם דזשענעראל אפיס. מיר האבען דאמאלס געפונען פאר נייטיג צו פארעפענטליכען א דערקלערונג וועגען דעם אין דער פרעסע און אויך די זעלבע דערקלערונג ארויסגעשיקט צו אונזערע ברענטשעס. מיר האבען געפילט, אז די ברייטע מיטגלידערשאפט פון א. ר. איז בארעכטיגט צו וויסען די מאטיווען און די מעטאדען פון דער טעטיגקייט פון אט די עלעמענטען און מיר האבען דערום באשלאסען ניט צו פארשווייגען זייער פאסקוויל-פאמפלעט, אום איין מאל פאר אלעמאל צו מאכען א סוף צו זייערע עקעלהאפטע פארלוימדונגען.

ווי מיר האבען שוין פריער אנגעדייטעט, אז די פראגע צי דער א. ר. מעג האבען אין דער קאנסטיטוציע א פרינציפען-ערקלערונג, איז פון קיינעם ניט אפגעלייקענט געווארען. עס איז בלויז געווען א פראגע פון פ א ר מ ע און צייט.

די עקזעקוטיוו קאמיטע האט באלד נאך דעם אריינטרעטען אין אמט ערוויילט א סאב-קאמיטע, וועלכע זאל צוזאמען מיט אונזער ליגעל אדווייזער אויסארבעטען א נייע פארמע פון א פרינציפען-ערקלערונג, וואס זאל פארגעלייגט ווערען פאר דער 22-טער קאנווענשאן. די פרינציפען-ערקלערונג איז געדרוקט אין דעם נומער „פריינד" און עס בלייבט איבער פאר דער קאנווענשאן צו זאגען איר ווארט אין אט דער פראגע.

## חיים פאר אלטע מיטגלידער

די לעצטע קאנווענשאן, פארהאנדלענדיג דעם רעפארט פון דער האום אפיס קאמיטע, האט אנגענומען א באשלוס און אינסטרואירט די קומענדע פארוואלטונג אויסצוארבעטען פלענער וועגען שאפען א חיים פאר אלטע מיטגלידער פון א. ר. און רעפארטען צו דער נעקסטער קאנווענשאן. מיר האבען ערוויילט א ספעציעלע קאמיטע פאר דעם דאזיגען צוועק, וועלכע גיט זיך איצט אפ מיט אט דער פראגע.

די קאמיטע האט זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט פארשידענע אזעלכע עקזיסטירענדע אינסטיטוציעס, אויסצוגעפינען איינצעלהייטען, וועלכע זיינען פארבונדען מיט דער שאפונג פון א היים פאר אלטע מיטגלידער.

אויסהערענדיג זייער רעפארט, זיינען מיר געקומען צום באשלוס צו רעקאמענדירען צו דער קאנווענשאן, אז דער א. ר. זאל בויען און אויפהאלטען א היים פאר אלטע מיטגלידער, אויף די גראונדס פון אונזער סאניטאריום אין ליבערטי. מיר זיינען געקומען צו אט דעם באשלוס, ווייל מיר גלויבען, אז האבענדיג די דאזיגע היים פאר אלטע מיטגלידער לעבען סאניטאריום, וועט די אויפהאלטונג פון דער היים זיין פארבונדען מיט א העלפט אויסגאבען ווי דאס וואלט געדארפט קאסטען אנדערשוואו. אין סאניטאריום האבען מיר גענוג אנגעשטעלטע, און אויך די קיך פון סאניטאריום וואלט געווען גענוגענד צו סערווירען און באדינען די מיטגלידער פון אזא אנשטאלט. עס וועט זיך בלויז פאדערען אויפצובויען א ספעציעלע געביידע פאר דעם צוועק.

# געזעלשאפטליכע טעטיגקייט

## רעליף-ארבעט פאר די רוסישע הונגער-ליידענדע

ווען עס זיינען אנגעקומען די באריכטען אז אין פארשידענע געגענטען פון רוסלאנד הערשט א שרעקליכער הונגער און די רוסישע באפעלקערונג איז אין געפאר, האט דער א. ר., אלס א געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע, ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג. די עקזעקוטיוו קאמיטע האט צוזאמען מיט אנדערע ארגאניזאציעס פון דער ארבעטער-באוועגונג גערופען א קאנפערענץ וועגען אלגעמיינע רעליף פאר רוסלאנד. אויסער די דאזיגע קאנפערענצען האבען מיר אויך פאררופען א קאנפערענץ פון די ברענטשעס פון ניו-יארק און אויפגענומען די פראגע וועגען רעליף. ביי דער קאנפערענץ האבען מיר פארגעלייגט פאלגענדע רעזאלוציעס:

1) דער א. ר. פירט אן זיין הילפס-קאמפיין פאר רוסלאנד אן וועלכער עס איז פארבינדונג מיט אנדערע רעליף-קערפערשאפטען.

2) די רעליף-געלדער פון א. ר. זאלען זיין פאר די הונגעריגע פון רוסלאנד אין אלגעמיין און פאר די אידען אין רוסלאנד.

3) ווען דאס געלט וועט זיין קאלעקטירט, זאל די נאצ. עקזעקוטיוו באשליסען צוצעטיילען די רעליף-געלדער לויט די אומשטענדען וואס וועלען דאן זיין אין רוסלאנד.

4) אויב א ברענטש פון א. ר. וועט וועלען זיין ביישטייערונג געבען בלויז פאר אלגעמיינע רוסישע, אדער בלויז פאר אידישע רעליף, זאל דער דאזיגער פארלאנג פון ברענטש דורכגעפירט ווערען.

די קאנפערענץ אין ניו-יארק האט ניט אנגענומען דעם צווייטען פונקט פון אונזער רעזאלוציע, נאר האט באשלאסען, אז אלע רוסישע רעליף-געלדער, געקליבען פון א. ר., זאלען גיין בלויז פאר דעם אלגעמיינעם רוסישען רעליף. די פארטרעטער פון דער נאצ. עקז. קאמ. האבען ביי דער קאנפערענץ דערקלערט, אז דאס איז בלויז א לאקאלע קאנפערענץ, וועלכע קען אין פרינציפ באשליסען זאכען בנוגע די ניו-יארקער ברענטשעס. אבער די נאצ. עקז. קאמ., וועלכע פארטרעט די ארבעטער-מיטגלידערשאפט איבער'ן גאנצען לאנד, וועט זיך מוזען רעכענען מיט דעם ווילען און פארלאנג פון יעדען ברענטש באזונדער. דאס הייסט, אויב א ברענטש וועט באשטימען זיין ביישטייערונג בלויז פאר אלגעמיין רוסישע, אדער פאר אידישע רעליף אין רוסלאנד, זאל דער דאזיגער פארלאנג דורכגעפירט ווערען.

ענליכע קאנפערענצען זיינען אויך אפגעהאלטען געווארען אין אנדערע גרעסערע שטעט און כמעט אלע האבען אונטערשטיצט אונזער שטעלונג.

די ניו-יארקער קאנפערענץ האט ערוויילט א 25-נער קאמיטע, וועלכע זאל אין ניו-יארק העלפען דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו אין דעם קאמפיין פאר'ן רוסישען רעליף. די מאיאריטעט מיטגלידער פון דער 25-ער קאמיטע איז באשטאנען פון עלעמענטען, וועלכע האבען געארבעט מעשים, אז די נאצ. עקז. קאמ. דארף זען אז אלע געלדער זאלען גיין פאר'ן אלגעמיינעם רוסישען רעליף. די קאמיטע אנשטאט צו טאן אקטיווע ארבעט און סטימולירען די ברענטשעס פאר רעליף-טעטיגקייט, האט ביי אירע זיצונגען געפירט דיסקוסיעס וועגען פלענער און אונטערנעמונגען, וואס זיינען געווען אומדורכפירבאר. דער רעזולטאט איז געווען, אז ניט נאר האבען זיי אליין ניט געטאן קיין ארבעט, נאר האבען אויך דאדורך טיילווייז געשטערט די

טעטיגקייט וואָס די נאַצ. עקז. האָט זיך געקליבען אָנצופירען אין די ניו־יאָרקער ברענטשעס. די 25־ער קאָמיטע איז „געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכען טויט" און די ניו־יאָרקער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געמוזט איבערנעמען אַט די וויכטיגע אַרבעט.

מיר האָבען אַרויסגעלאָזען אַ רוף צו אַלע אונזערע ברענטשעס אָנצופאַנגען אַ קאַמפּיין פאַר דעם רוסישען רעליף. אונזערע ברענטשעס האָבען זיך זייער וואַרעם אָפּגערופען. ניט קוקענדיג דערויף וואָס די צייט איז זייער אַ שווערע, האָבען מיר ביז איצט פאַר דעם דאָזיגען פאָנד געזאַמעלט דורך אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער אַ סומע פון גענויע 50 טויזענט דאָל.

אזוי שנעל ווי די ערשטע געלדער האָבען גענומען אַריינקומען אין דזשענעראַל אָפיס, האָבען מיר אַוועקגעשיקט שפּייז, קליידער און מעדיקאַמענטען פאַר איבער 22 טויזענט דאָלאַר, דירעקט צום „רוסישען רויטען-קרייץ" אין מאָסקווע.

פאַקטיש האָבען אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער בייגעשטייערט צוויי אָדער דריי מאָל אַזוי פיל ווי די סומע וואָס האָט זיך ביז איצט אָנגעקליבען אין דזשענעראַל אָפיס, ווייל מאַנכע ברענטשעס האָבען זייערע ביישטייערונגען צום רוסישען רעליף געשיקט דורך אַנדערע רעליף-אָרגאַניזאַציעס.

ווי מיר האָבען אויבען אָנגעדייטעט, האָבען מיר אין אָנפאַנג פון קאַמפּיין געהאַט אַ באַשטימטע שטעלונג בנוגע דער פאַרטיילונג פון די געלדער פאַר'ן רוסישען רעליף, אָבער ביי די קאָנפערענצען, וועלכע זיינען גערופען געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט רעליף־אַרבעט, האָבען מאַנכע עלעמענטען געוואָלט אַרויפצווינגען אויפ'ן אַ. ר. זייער שטעלונג אין דער פראַגע. זיי זיינען דורכאויס באַשטאַנען, אַז אַלע רוסישע רעליף-געלדער זאָלען גיין בלויז פאַר'ן אַלגעמיינעם רוסישען רעליף, ניט קוקענדיג דערויף וואָס מיר האָבען כסדר אָנגעוויזען אויף דער לאַגע, אין וועלכער די אידען אין רוסלאַנד געפינען זיך, און אויף דער מאָראַלער פליכט, וואָס ליגט אויף אונז אַלס אַ אידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, צו באַשטימען אַ טייל פון דעם געבליבענעם געלט אויף צו העלפען די אידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. דער רעזולטאַט איז, אַז די זעלבע עלעמענטען, וועלכע האָבען אין אָנפאַנג אויף שריט און טריט געשטערט אונזער רעליף-אַרבעט, וועלכע האָבען אַגיטירט צווישען אונזערע ברענטשעס, אַז די רוסישע רעליף-געלדער זאָלען ניט געשיקט ווערען אין דזשענעראַל אָפיס, נאָר צו אַנדערע רעליף־אָרגאַניזאַציעס, זיינען איצט, נאָכדעם ווי זיי האָבען געהערט לעבעדיגע גרוסען פון רוסלאַנד, געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די הילפס־אַקציע פאַר די אידען אין רוסלאַנד איז אַזוי פונקט נויטווענדיג און וויכטיג, ווי די אַלגעמיינע רוסישע רעליף. אמת, אַז די לעצטע צייט איז אונזער רעליף-אַרבעט פון זיי דירעקט ניט געשטערט געוואָרען. אָבער די פעך און שוועבעל, וואָס זיי האָבען אין אָנפאַנג פון קאַמפּיין געשאָטען אויף דער פאַרוואַלטונג פון אַ. ר., און די ניט-שיינע מעטאָדען, וואָס זיי האָבען אָנגעווענדט, האָבען אָן שום צווייפעל געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף די אַלגעמיינע רעזולטאַטען פון אונזער רוסישער רעליף-אַרבעט. מיר זיינען זיכער, אַז ווען יענע עלעמענטען וואָלטען אין אָנפאַנג פון קאַמפּיין באַגריפען די לאָגיק פון אונזער שטעלונג בנוגע דער רוסישער רעליף און פאַרשטאַנען ווי שעדליך זייער שטערונגס־אַרבעט איז, וואָלט די זאַמלונג פאַר דעם פאָנד, וואָס מיר האָבען געקליבען צו העלפען די-הונגער-ליידענדע אין רוסלאַנד, געוויס אַריינגעבראַכט אַן אומגעהייער גרעסערע סומע.

## פאָנד פאַר דעם רוסישען האָספּיטאַל

לעצטען יאָר האָבען איינִיגע אַקטיווע אַ. ר. טוער געגרינדעט אַ קאָמיטע צו שאַפען אַ פאָנד פאַר אַ האָספּיטאַל אין סאָוויעט-רוסלאַנד. אין פאַרלויף פון יאָר האָט די קאָמיטע, דורך פאַרשידענע ביישטייערונגען פון מיטגלידער און ברענטשעס פון אַ. ר. און אויך דורך אונטערנעמונגען, געשאַפען אַ סומע פון גענויע 10 טויזענט דאָלאַר. די קאָמיטע שטייט איצט אין פאַרבינדונג מיט דעם צענטראַל קאָמיטעט פון רויטען-קרייץ אין רוסלאַנד וועגען דער גרינדונג פון אַזאַ האָספּיטאַל. לויט אינפאָרמאַציעס וואָס זיי האָבען געקראָגען וועט די אויסשטאַטונג פאַר אַ האָספּיטאַל באַטרעפען אַרום 25—30 טויזענט דאָל.

די נאַצ. עקזעק. קאָמיטע האָט לעצטענס איבערגענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו ענדיגען די ווינשענסווערטע אַרבעט, וואָס די אובענדערמאָנטע קאָמיטע האָט זיך אונטערנומען. די אַרבעט פון דעם דאָזיגען קאַמפּיין ווערט געפירט דירעקט פון אונז, און עס איז צו האָפען, אַז גאָר אין קורצען וועלען מיר זיין אימשטאַנד פּראַקטיש דורכצופירען דעם וואונש וואָס די גרינדער פון אַט דער אונטערנעמונג האָבען אָנגעפאַנגען.

## די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע

וואָס אָנבאַלאַנגט אונזער פאַרבינדונג מיט דער פּיפּעלס רעליף, ווילען מיר זאָגען, אַז אונזערע באַציאונגען מיט דער דאָזיגער קערפּערשאַפט זיינען די זעלבע ווי אין די פאָריגע יאָרען. פון דעם פאָנד, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין אָפיס פאַר די אידישע מלחמה קרבנות, האָבען מיר דורך דער פּיפּעלס רעליף אין מאָנאַט יוני, 1921, אַוועקגעשיקט 40 טויזענט דאָלאַר, אויך די 3 טויזענט דאָלאַר, וואָס זיינען געזאַמעלט געוואָרען פאַר די אידישע קינדער-שולען אין אייראָפּע. די זאַמלונגען, וואָס די ברענטשעס פירען אָן פאַר די אידישע מלחמה קרבנות, זיינען היינטיגען יאָר ניט קיין באַדייטענד גרויסע, ווייל דער קאַמפּיין פאַר די רוסישע הונגער-ליידענדע האָט פאַרנומען דעם אויבען-אָן אין דער רעליף-טעטיגקייט.

אין דער צייט ווען עס איז אָנגעפירט געוואָרען דער דרייוו פאַר 14 מיליאָן דאָלאַר פאַר די אידישע מלחמה קרבנות, האָט די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע זיך צו אונז געווענדט, אַז מיר זאָלען רופען די ברענטשעס איבער'ן לאַנד צו העלפען זיי מאַכען דעם דרייוו ערפאָלגרייך, ווייל עס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען קלאַנגען, אַז דער אַ. ר. איז ניט מער פאַרבונדען מיט דער פּיפּעלס רעליף. די נאַצ. עקזעק. קאָמיטע האָט דורך דער פּרעסע גערופען די ברענטשעס צו קאָאָפּערירען מיט די אידישע רעליעף-קאָמיטעטען איבער'ן לאַנד און זיך באַטייליגען אין דעם דרייוו. ווען די שורות ווערען געשריבען האָבען מיר באַריכטען, אַז פיל פון אונזערע ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס האָבען, ווי שטענדיג, ביינגעשטייערט זייער חלק צום ערפאָלגרייכען דרייוו פאַר די 14 מיליאָן דאָלאַר.

מיר מוזען דאָ דערמאָנען, אַז אין מאַנכע פראַגען זיינען מיר מיט דער פּיפּעלס רעליף ניט געווען איינפאַרשטאַנען. אזוי צום ביישפּיל, ווען זיי האָבען גערופען אַן אַלגעמיינע קאָנפערענץ וועגען רוסישע רעליף און צווישען די איניציאַטאָרען פון קאָנפערענץ איז אויך געווען דער אַ. ד., האָבען מיר פאַרשטאַנען, אַז די הילפס־אַקציע וועט אָנגעפירט ווערען סיי פאַר אַלגעמיינע רוסישע רעליף, סיי פאַר אידישע רעליף אין רוסלאַנד. ביי דער קאָנפערענץ גופא האָבען די פאַרטרעטער פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע דורכגעפיהט אַ באַשלוס, אַז די זאַמלונגען זאָלען גיין בלויז צו העלפען די אידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. ווי מיר האָבען שוין אויבען אָנגעדייטעט, האָבען מיר געהאַט אַ קלאָרע און גאַנץ אַנדערע שטעלונג אין דער פראַגע. מיר האָבען דאַרום אויף דעם געביט ניט געקענט גיין האַנט אין האַנט מיט דער פּיפּעלס רעליף. מיר האָבען נאָכדעם גערופען זעלבסטשטענדיגע אַ. ר. קאָנפערענצען וועגען דער אויבענדערמאָנטער רוסישער און אידישער רעליף.

די גאַנצע רעליף-טעטיגקייט, אין די פאַרשידענע פאָרמען וואָס זי האָט אָנגענומען, האָבען מיר דעם יאָר איבערגעגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע קומט אין טאָגטעגליכער באַרירונג מיט די ברענטשעס, ווי אויך סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איבער'ן לאַנד. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויף יעדען געביט פון רעליף אויסגעאַרבעט פּלענער, רעקאָמענדאַציעס, וועגען וועלכע זי האָט זיך שטענדיג מיט אונז באַראַטען.

## דער „האַיאַס" קאַמפּיין

די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי („האיאס") איז אַן אינסטיטוציע, וועלכע האָט שטענדיג געקראָגען יעדע מעגליכע שטיצען פון אַ. ר. ווען די האַיאַס האָט געמעלדעט, אַז זיי מוזען האָבען אַן אייגענע פּאַסענדע היים פאַר זייער אַקטיוויטעט, צו קענען געבען באַקוועמליכקייט צו די טויזענטער אימיגראַנטען, וועלכע ווערען ביי זיי געהאַלטען ביז זיי געפינען אויס זייערע קרובים, אָדער ביז זיי געפינען באַשעפטיגונג, האָט די 20-סטע קאָנווענשאָן פון אַ.ר. באַווילִיגט אַ טעקס פון 15 סענט פּער מיטגליד, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די סומע פון 10 טויזענט דאָל.

היינטיגען יאָר, ווען די שונאים פון אימיגראַציע האָבען געזוכט נייע פּלענער און גזירות ווי אין גאַנצען אָפּצושטעלען אָדער נאָך מער באַגרעניצען די אימיגראַציע, איז די אַרבעט פון דער האַיאַס געוואָרען טאָפּעלט וויכטיג. צוליב אַט די שטערונגען האָט די האַיאַס געעפענט אַ גאַנצע רייע אָפּטיילונגען

אין פארשידענע האפען-שטעט אין איירָאפּע, און דאָס איז געווען פאַרבונדען מיט אומגעהייער גרויסע הוצאות. ווען די האיאַס האָט אָנגעפאַנגען איר קאַמפּיין פאר א מיליאָן דאָלאר, האָבען מיר געפילט אַלס אונזער פליכט צו קומען צו הילף אָט דער־וויכטיגער אינסטיטוציע. מיר האָבען זיך געווענדעט מיט א ציר-קולאר־בריף, ווי אויך דורך דער פרעסע, צו אונזערע ברענטשעס און זיי גערופען צו שאַפען 25 טויזענט דאָלאר פאר דער האיאַס. אָבער צוליב דער שווערער צייט, וואָס די ארבעטער־מאַסען לע-בען דורך, און צוליב די אנדערע קאַמפּיינס, וואָס מיר האָבען אָנגעפירט, איז לײדער דער דאָזיגער קאַמפּיין ניט געווען אַזוי ערפאָלגרייך, ווי מיר האָבען ערוואַרטעט. די סומע וואָס איז ביז איצט אריינגעקומען באטרעפט ארום 5 טויזענט דאָלאר.

## 50-יעריגער יובילעאום פון מאיר לאָנדאָן

אונזער ליגעל אדווייזער, קאָנגרעסמאַן מאיר לאָנדאָן, וועל-כער איז פאַרבונדען מיט'ן א. ר. ניט נאָר אַלס ליגעל אדווייזער, נאָר אויך אַלס איבערגעגעבענער און געטרייער מיטגליד פון א. ר., איז היינטיגען יאָר אַלט געוואָרען 50 יאָר. די אידישע ארבע-טער־באַוועגונג האָט געפילט, אַז זי איז שולדיג א חוב צו מאיר לאָנדאָן פאר זיין ארבעט, וואָס ער האָט אָוועקגעגעבען אין פאַר-לויף פון יאָרען צו שאַפען א שטאַרקע סאָציאַליסטישע און טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג אין דעם לאַנד.

דער א. ר. האָט צוזאַמען מיט די אנדערע צווייגען פון דער אידישער באַוועגונג גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו אראַנזשירען דעם פופציג־יעריגען יובילעאום פון מאיר לאָנדאָן אויף א געהעריגען אופן. דער יובילעאום איז געפייערט געוואָרען דורך א גרויסער מאַסען-פאַרזאַמלונג אין לעקסינגטאָן אָפּערא הויז. ס'איז אויך געגעבען געוואָרען א באַנקעט, וואו עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אלע טוער פון דער גרויסער אר-בעטער־משפחה און אויסגעדריקט זייער אנערקענונג צו מאיר לאָנדאָן פאר זיין אומערמידליכער ארבעט, וואָס ער האָט גע-לייסטעט פאר דער אָרגאַניזירטער אידישער ארבעטערשאַפט.

## 25-יעריגער יובילעאום פון „פאָרווערטס“

אין דער צייט ווען דער דאָזיגער רעפּאָרט ווערט געשריבען גרייט זיך דער „פאָרווערטס“, און צוזאַמען מיט אים די גאַנצע אידישע ארבעטער-באַוועגונג, צו פייערען זיין 25-יעריגען יובי-לעאום.

אין אלע יאָרען פון זיין עקזיסטענץ האָט דער א. ר. געפילט אַז ער האָט אין „פאָרווערטס“ ניט בלויז א פריינדליכע פרעסע, נאָר א טעגליכען ארבעטער-אָרגאַן מיט אַן אומגעהייערען איינ-פלוס, וועלכער איז שטענדיג אויף דער וואַך צו באַשיצען די אינטערעסען פון א. ר. אין דער ריזיגער אנטוויקלונג פון אונ-זער אָרגאַניזאַציע האָט דער „פאָרווערטס“ אָן שום ספק געהאַט א גרויסען חלק.

די געשיכטע און די אנטוויקלונג פון א. ר. איז טיילווייז אויך די געשיכטע און די אנטוויקלונג פון „פאָרווערטס“. דער א. ר. און דער „פאָרווערטס“ זיינען כמעט געגרינדעט געוואָרען אין איין צייט. אין משך פון א פערטעל יאָרהונדערט זיינען סיי דער א. ר. און סיי דער „פאָרווערטס“ אויסגעוואַקסען אין מעכטיגע אינסטיטוציעס און זיינען געוואָרען א וויכטיגער פאַק-טאָר אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען בכלל און אין דעם לעבען פון די ארבעטער-מאַסען בפרט.

די נאַצ. עקזעק. קאָמיטע באַטראַכט דאָרום דעם 25-יעריגען יובילעאום פון „פאָרווערטס“ אַלס אַן אייגענע שמחה, אין וועל-כער מיר מעגען זיך מיט'ן פולען הארצען באַטייליגען. מיר האָבען מיט פאַרגעניגען אָנגענומען די איינלאַדונג פון „פאָר-ווערטס“ צו זיין פאַרטראָטען ביי זיין גרויסען יום-טוב.

די נאַצ. עקזעקוטיווע קאָמיטע פון א. ר. באַגריסט דעם „פאָרווערטס“ צו זיין זילבער־יובילעאום און שיקט אים זיין אינערליכען וואונש, אַז אין דער עפּאָכע פון זיין ווייטערדיגער אנטוויקלונג זאָל דער „פאָרווערטס“ גיין מיט די זעלבע ראַשיגע און ריזיגע שריט, ברענגען אַלץ מער אויפקלערונג און ליכט אין די רייען פון די אידישע ארבעטער-מאַסען און העלפען זיי ענד-ליך באַפרייען זיך פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער שקלאַפעריי.

## אונזערע באַציאונגען צו די אנדערע טיילען פון דער ארבעטער־באַוועגונג

וועגען אונזער פאַרבינדונג מיט אלע אנדערע טיילען פון דער ארבעטער-באַוועגונג פאר דעם לעצטען יאָר וועט זיין גענוג צו פאַרצייכענען פאָלגענדע פונקטען:

1) די סומע פון $2,500, וואָס די לעצטע קאָנווענשאָן האָט באַשטימט פאר דער אַמנעסטיע באַוועגונג, האָבען מיר פאַר-טיילט צווישען פאָלגענדע דעפענס אָרגאַניזאַציעס:

| | |
|---|---|
| סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דעפענס | $1000.00 |
| נאַציאָנאַלע דעפענס | 500.00 |
| טרייד-יוניאָן דעפענס | 500.00 |
| וואָרקערס דעפענס | 200.00 |
| סאַקאָ-וואַנזעטי דעפענס | 100.00 |
| לין-גע'יל דעפענס *) | 100.00 |
| פּאָליטיקעל דעפענס | 100.00 |

אין דער באַפרייאונג פון אונזער יודזשין וו. דעבס און אויך די אנדערע פּאָליטישע ארעסטירטע האָט דער א. ר. א גרויסען חלק.

2) כדי צו העלפען וועקען דעם מוט און די געפילען פאר שטיצע אין צייט פון קאַמף צווישען ארבעטער און בעלי-הבתים, האָבען מיר געשיקט ספּעציעלע באַגריסונגען צו

א) די קלאָוקמאַכער סטרייקערס;

ב) צו די לײדיס ווייסט מייקערס סטרייקערס אין פילא-דעלפיע.

ג) צו די סטרייקענדע קוילען-מיינערס;

ד) מיר האָבען ארויסגעשיקט א צושריפט צו די ברענ-טשעס, אין וועלכען מיר האָבען זיי אויפגעפאָדערט, אַז אלע זייערע מיטגלידער, ציגאַרען-מאַכער, זאָלען זיך אָנשליסען אָן דער ציגאַרען-מאַכער יוניאָן, וועלכע האָט אָנגעפירט א קאַמפּיין צו אָרגאַניזירען דעם גאַנצען טרייד.

3) מיר האָבען אינדאָרסירט אַן אַפּיל פאר שטיצע פאר'ן לאָס-אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, פאר'ן דענווער סאַניטאַריום און פאר דער היים פון עקס-פּאַציענטען אין דענווער.

4) מיר זיינען געווען פאַרטראָטען ביי פאָלגענדע קאָנווענ-שאָנס און קאָנפערענצען:

א) קאָנפערענץ פון אלע אידישע אָרגאַניזאַציעס וועגען שאַפען הילף פאר רוסלאַנד.

ב) פאַרשידענע קאָנפערענצען וואָס די פּיפּעלס רעליף האָט איינבארופען.

ג) קאָנווענשאָן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פע-דעראַציע.

שיקענדיג א פאַרטרעטער צו באַגריסען די קאָנווענשאָן פון דער געוועזענער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, האָבען מיר איהם אינסטרואירט, אַז ער זאָל אויסדריקען דעם וואונש, אַז די נאַ-ציאָנאַלע פאָרוואַלטונג פון א. ר. איז געגען דעם, אַז די „פעדע-ראַציע“ זאָל זיך אָפּשפּאַלטען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַר-טיי אום ניט צו־ברעכען די ארבעטער-באַוועגונג.

ד) ביי דער יערליכער קאָנפערענץ פון דער נאַטשוראַלי-זיישאָן אייד ליג.

ה) ביי דער קאָנפערענץ און קאָמיטעט צו שאַפען ביכער פאר רוסלאַנד.

ו) ביי דעם 13טען קאָנווענשאָן-באַנקעט פון דער קאַפּען-מאַכער יוניאָן.

ז) ביי פאַרשידענע הירינגס אין וואַשינגטאָן געגען דער באַשרענקונג פון אימיגראַציע.

ח) ביי די הירינגס אין אַלבאַני וועגען פאַרשידענע שעד-ליכע בילס געגען דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט.

אין אַלגעמיין זיינען מיר געווען פאַרטראָטען ביי יעדער געזעלשאַפטליכער ערשיינונג אויף דער אידישער גאַס.

א גרויסער טייל פון אונזער אַקטיוויטעט איז אוועקגע-געבען געוואָרען צו מאַכען דעם א. ר. פּאָפּולער מיט די ברייטע אידישע ארבעטער-מאַסען. יעדע נייע ערשיינונג, סיי אין אי-נערליכען לעבען פון א. ר., סיי אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפט-

*) די 100 דאָלאר האָבען מיר שפּעטער צוריקגעצויגען, ווייל עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז לין-גע'יל איז געווען גרייט צו פאַרראַטען די ארבעטער-זאַך צוליב זיין פערזענליכער באַפרייאונג.

ליכען לעבען, איז פון אונז אויסגענוצט געוואָרען צו פּראָפּאַגאַנדירען די אידייען פון א. ר. דער „פאָרווערטס" האָט אונז צו יעדער צייט געגעבען אזוי פיל פּלאַץ וויפיל מיר האָבען זיך גענייטיגט פאר פּובליסיטי. וואָס אנבאַלאַנגט אונזערע באַציאונגען צווישען די פאַרשידענע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס פון אונזער פאַרוואַלטונג, ווי אויך מיט דער נ. ב. ד., קענען מיר זאָגען, אז עס האָט היינטיגען יאָר געהערשט אַן אמת'ע האַרמאָניע. יעדער מיטגליד האָט געפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט צו דער אָרגאַניזאַציע און דערפאַר זיינען אונזערע פאַרהאַנדלונגען געווען דורכגעדרונגען מיט אַן אמת האַרמאָנישען גייסט. וואָס אנבאַלאַנגט די ברענטשעס איבער'ן לאַנד, קען דאָ געזאָגט ווערען, אז דער כאַאָטישער צושטאַנד, וואָס הערשט איצט אין דער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג, האָט ניט אָנגערירט די טעטיגקייט פון אונזערע ברענטשעס. אמת, אין מאַנכע ברענטשעס זיינען פאָרגעקומען מיספאַרשטענדנישען און שטרייטיגקייטען, אָבער דאָס האָט אויף אַ האָר ניט אָפּגעשוואַכט דעם גייסט און די פירונגען פון אונזערע ברענטשעס פאַר די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציע.

### שלום

שליסענדיג דעם רעפּאָרט, ווילען מיר נאָכאַמאָל ווידערהאָלען, אז אָבוואָל מיר האָבען דעם יאָר דורכגעלעבט אַ שווערע אומנאָרמאַלע צייט — אַ צייט, וואָס האָט צעשפּליטערט אייניגערמאַסען די רייען פון דער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג — קומט דער א. ר. צו זיין 22-טער קאָנווענשאָן גאַנץ, שטאַרק און אומבאַרירט. די עקזעקוטיוו קאָמיטע קומט צו דער קאָנווענשאָן מיט דעם באַוואוסטזיין, אז די טראַדיציעס און פּרינציפּען פון א. ר. זיינען פון אונז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרען. און פּונקט ווי די אומנאָרמאַלע צייט האָט ניט געקענט ווירקען אויף דער גייסטיגער זייט פון אונזער אָרגאַניזאַציע, אזוי האָט אויך די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד ניט געקענט באַרירען דעם מאַטעריעלען צושטאַנד פון אונזער אָרדען. מיר האָפען, אז די דעלעגאַטען צו דער 22-טער קאָנווענשאָן וועלען אָפּשאַצען אונזער אַרבעט אין דעם זין, וועלכען זי פאַרדינט אָפּגעשאַצט צו ווערען.

נ א צ. ע ק ז ע ק ו ט י ו ו ק אָ מ י ט ע א. ר.

# באַריכט פון דער נאַצ. באָרד אף דירעקטאָרען

דעלעגאַטען: מ. איוועננסקי, נ. י., סעק.; ל. בענענסאָן, שיקאַגאָ, דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן; א. בעלמאַן, מינעסאָטא; י. בערנשטיין, מישיגען; גראַדענסקי, מע'ן, וו. זאַק, קאָנעקטיקוט; ס. יאָנאַס, מאַסס., מ. ליקמאַן, מערילענד; מאַרגאָליעס, קוויבעק; מ. מילער, ווירדזשיניע; מ. מינדלין, נ.דזש.; ל. סיימאַנס, קאַליפאָרניע; ס. סטרוים, אָנטאַריא; ס. עטינגער, פּענסילווייניא; ד. פּאַוולאָוו, ראָוד איילאַנד; ד. פייבעסאָוויץ, אָהייאָ; טש. רובין, וויסקאָנסין.

דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון דער נייער באָרד אף דירעקטאָרען, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען פון 29-טען דעצ. 1921 ביז זונטאָג דעם 1-טען יאַנואַר 1922, האָט זיך מייסטענס פאַרנומען מיט די פּראָבלעמען פון א. ר. אַלס גאַנצער. די נייע באָרד אף דירעקטאָרען האָט פעסט באַשלאָסען צו לאָזען הערען איר וואָרט אין אַלע אַנגעלעגענהייטען פון א. ר. מיר פילען, אז די צייט פאַר אַ דעקאָראַטיווער ראָלע פאַר'אַ קערפּערשאַפט, וועלכע באַשטייט פון פאַרשטייער פון אַלע עקען פון לאַנד, איז שוין אַוועק. אויב די נאַציאָנאַלע באָרד אף דירעקטאָרען איז אַ נייטיגע אינסטיטוציע אין א. ר., דאַן דאַרף זי לאָזען הערען איר שטימע און מען מוז זיך צו אונזער שטימע צוהערען.

### אַלגעמיינע פּראָבלעמען

עס וואָלט געווען נאַריש צו באַהאַלטען דעם פאַקט, אז דעם א. ר. דראָט אַ געפאַר פון דער באַוועגונג, וואָס קליימט צו זיין רעוואָלוציאָנער און וועמעס איינצעלנער אויפטו ביז אַהער איז געווען דאָס זי האָט געשאַפען שפּליטערונגען אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. צווישען די דירעקטאָרען, אזוי ווי צווישען אַלע מיטגלידער פון א. ר., זיינען פאַראַן מענשען מיט פאַרשידענע ריכטונגען. מיר האָבען אָבער אַלע געפילט, אז דער א. ר. טאָר ניט דערלאָזען, אז אויף זיין רעכענונג זאָלען אויסגעקעמפט ווערען פּאַרטיי-שטרייטיגקייטען, וואָס אין די מייסטע פאַלען זיינען דאָס בלויז פּערזענליכע רייסערייען. פון די באַריכטען פון אַלע דירעקטאָרען פון פאַרשידענע סטייטס, וואָס זיינען אויסגעהערט געוואָרען אויפ'ן צוזאַמענפאָר, האָט מען זיך געקענט איבערצייגען, אז דער א. ר. ליידט פיל פון די נייע טומלענישען. די נאַציאָנאַלע באָרד אף דירעקטאָרען האָט דעריבער באַשלאָסען איינשטימיג צו פאַרעפענטליכען אַ רעזאָלוציע און אויפצופאָדערען אַלע מיטגלידער צו זיין אייניג. די גבורה און דער ערפאָלג פון א. ר. קומט דערפון, וואָס ביי אונז זיינען פאַרטראָטען אַלע ריכטונגען אָן שום רייבונגען. די רעזאָלוציע דריקט אויך אויס אַ פּראָטעסט געגען פאַרזוכען פון זייטיגע אָרגאַניזאַציעס צו דיקטירען די פּאָליסיס פון א. ר. דער א. ר. האָט אַליין זיינע אייגענע אָרגאַנען, דורך וועלכע ער קען שאַפען זיינע פּאָליסיס און דאַרף ניט אָנקומען צו זייטיגער הילף.

### באַריכטען פון די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס

איינע פון די וויכטיגסטע פונקציעס פון דער באָרד אף דירעקטאָרען איז אויסצוהערען באַריכטען פון די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס און אויסדריקען זייער מיינונג וועגען דער טעטיגקייט פון דער פאַרוואַלטונג. די באַריכטען זיינען געווען גאַנץ אינטערעסאַנט. אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ווי דער א. ר. איז, מיט אַזוינע פאַרצווייגטע טעטיגקייטען, מוז געבען גענוג אינטערעסאַנטען מאַטעריאַל. אין אַלגעמיין זיינען די באַריכטען דורכאויס צופרידענשטעלענד און די פאַרוואַלטער טוען זייער אַרבעט געוויסענהאַפט. מיר דענקען אָבער, אז די מינדליכע באַריכטען נעמען אַוועק צופיל צייט און לאָזען ווייניג צייט פאַר דיסקוסיעס, אום אויסצודריקען אין דער פאָרם פון אָרגאַניזאַציע אונזער מיינונג פולשטענדיג. מיר האָבען דעריבער באַשלאָסען, אז צו די נעקסטע צוזאַמענפאָרען זאָלען די באַריכטען צו אונז צוגעשטעלט ווערען שריפטליך. אַן אויסנאַם זאָל געמאַכט ווערען מיט די באַריכטען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און פון דזשענעראַל סעקרעטער.

מיט'ן צוועק זיך צו באַקענען מיט דער אַרבעט פון דער עקזעקוטיוו, ווען זי איז שוין אַ לענגערע צייט אין אמט, האָבען מיר באַשלאָסען צו ענדערען אונזערע צוזאַמענפאָרען פון יולי אויף סעפּטעמבער און שוין אויך פון יאַנואַר אויף פעברואַר.

### קלאַגעס און אַפּילס

ביי דעם צוזאַמענפאָר האָבען מיר געהאַט ווייניג אַפּילס. די אַפּילס זיינען אויך ניט געווען פון גרויסער פּרינציפּיעלער באַדייטונג. איין אַפּיל פון בר. 147 האָבען מיר באַהאַנדעלט זייער אויספירליך; מיר האָבען אָבער ניט געקענט נעמען אַ דעפיניטיווע שטעלונג, ווייל עס האָבען אונז געפעלט איינצעלהייטען. אונזער אַנטשיידונג איז געווען גיכער אין דער פאָרם פון אַ רעקאָמענדאַציע, דער זין פון וועלכער איז, אז פאַרעכטיגע פּערזאָנען דאַרפען קיין פאַראַנטוואָרטליכע שטעלען אין א. ר. ברענטשעס ניט פאַרטרעטען. וועגען אַנדערע אַפּילס, וועלכע זיינען אויפגענומען געוואָרען פון אונזער סאָב-קאָמיטע, באַשטייענד פון די פר. מינדלין, עטינגער און מ. איוועננסקי, און אַנטשידען געוואָרען ביי אַ רעפערענדום, קען מען נאָך דערווייל ניט באַריכטען, ווייל די ענדגילטיגע אַנטשיידונג דאַרף אויפגענומען ווערען אויף אונזער נעקסטען צוזאַמענפאָר.

אונזערע רעקאָמענדאַציעס:

באַטראַכטענדיג די לאַגע פון יעדען שטאַנדפּונקט, רעקאָמענדירען מיר פאָלגענדע פּונקטען:

1) אז די א. ר. קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען איין מאָל אין צוויי יאָר און מען זאָל זען אויסצואַרבעטען אזאַ

פלאַן, אַז די דאָזיגע רעפאָרם זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט'ן געזעץ.

2) די איינטריט־געלט זאָל זיין 2 דאָלאַר פער מיטגליד, צו וועלכען קלאַס ער זאָל ניט באַלאַנגען. דאָס געלט זאָל געקליבען ווערען אין אַ באַזונדער פאָנד.

3) אויסצואַרבעטען, צוזאַמען מיט'ן עקטשוערי, פּלענער וועגען עקסטענשאָן און פּייד־אַפּ פּאַליסים.

4) צו שאַפען אַ פאָנד פאַר וואוילטעטיגע צוועקען.

מיר קענען לײדער ניט אָנגעבען אַלע גרונדען פאַר די דאָזיגע רעקאָמענדאַציעס; מיר ווילען אָבער פאַרזיכערען, אַז זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען נאָך גרינדליכע דיסקוסיעס און אַלזייטיגע באַטראַכטונגען. גליקליכערווייז ווערען אָט די רעקאָמענדאַציעס אויך אונטערשטיצט פון דער גענעראַל עקזעקוטיווו און מיר האָפען אַז זיי וועלען אָנגענומען ווערען.

אַ ספּעציעלע רעקאָמענדאַציע, וואָס איז ווירקליך אַ פאָדערונג, איז צו באַווילינען די נ. ב. אף ד. פאָנדס צו באַריכטען אין זייערע סטייטס. מיר זיינען פאַרטרעטער ניט פון איינצעלנע שטעט, נאָר פון סטייטס און מיר קענען אויפטאָן אַ סך גוטע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט און אויפלעבען די ברענטשעס. מיר מיינען גאַנץ ערנסט צו טאָן גוטע אַרבעט פאַר'ן אַ. ר. און מיר האָפען, אַז די קאָנווענשאָן וועט אונז מיטהעלפען די אַרבעט צו טאָן.

# באַריכט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

ל. דינערשטיין, טשערמאַן; י. ראָבערטס, ב. לעוויטאַן, ר. זאַלצמאַן און ב. קרינסקי

צו אַלע דעלעגאַטען פון דער 22־טער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג.

ווערטע פריינד:

מיר טרעטען צו צום באַריכט פונ'ם פאַרגאַנגענעם יאָר מיט אַ באַזונדערען געפיל פון פאַראַנטוואָרטליכקייט, ווייל, זייענדיג אַלטע אָרגאַניזאַציאָנס מענשען, געדענקען מיר ניט אַזאַ שווערען יאָר אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ווי אין דעם יאָר. עס זיינען געווען עטליכע אורזאַכען, וואָס האָבען די אַרבעט געמאַכט שווער און פאַראַנטוואָרטליך. מיר ווילען דאַרום אָן הקדמות מאַכען אַ פאַרזוך קלאָר צו מאַכען פאַר אייך עטליכע פון די סבות, וואָס וועט געבען די מיטגלידערשאַפט אַ באַגריף פון אונזער אַרבעט און וועט אויך אפשר זיין צו אַ געוויסער דינסט פון דער ניי־ערוויילטער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

## דער שרעקליכער קריזיס — מאַסען שטרייכונגען אַלס רעזולטאַט

מיר זיינען אַריין אין אַמט אין אַ צייט, ווען עס האָט געהערשט אַ שרעקליכער קריזיס איבער'ן גאַנצען לאַנד — לײדער זיינען מיר נאָך פון אים איצט אויך ניט פּטור — טויזענטער פון אונזערע מיטגלידער זיינען געווען אַרבעטסלאָז; שוואַרצע וואָלקענס פון רעאַקציע און פּשוט'ן הונגער זיינען געהאַנגען איבער אונזערע קעפּ. מיר האָבען באַלד דערפילט און געזען בחוש, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען, אַז אונזערע אַלטע מיטגלידער זאָלען מאַסענווייז ניט זיין געצוואונגען צו פאַרלאָזען אונזער אָרגאַניזאַציע, און איידער מיר זיינען צוגעטראָטען צו טאָן נייע אַרבעט פאַר אַריינברענגען נייע מיטגלידער, האָבען מיר זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אונזערע דיסטריקט קאָמיטעס און גענומען זוכען מיטלען און וועגען ווי אַזוי אָפּצושטעלען די שטרייך־מגפה, וואָס האָט אונז געסטראַשעט אין יענער צייט. ביז אַ געוויסען גראַד איז דאָס אונז געלונגען.

אַגב אורחא, דאָס איז אויך געווען דער ערשטער יאָר וואָס אונזערע מיטגלידער צאָלען די פולע רייטס, און לויט ווי אונזערע אַמאָליגע נעגנער פון פראַטוירנאַל רייטס האָבען נביאות געזאָגט, האָבען מיר געדאַרפט פאַרלירען אַ העלפט פון אונזער מיטגלידערשאַפט. צו אונזער קרעדיט מוז אָבער געזאָגט ווערען — און אפשר קומט מער קרעדיט די מיטגלידער אונזערע, וועלכע פאַרשטייען גוט אונזער אָרגאַניזאַציע און זיינען זיך פּשוט מקריב פאַר איר — אַז טראָץ דער געדריקטער עקאָנאָמישער לאַגע און גרויסע בילס אַלס רעזולטאַט פון די פולע רייטס, קומען מיר דאָך צו דער קאָנווענשאָן נישט מיט קיין קלענערע צאָל מיטגלידער ווי לעצטען יאָר, ווי איר וועט דאָס זען פון די פאַרשידענע טאַבעלען, וואָס מיר גיבען דאָ אין אונזער רעפּאָרט.

## צושריפטען פון בר. 620 און בר. 225

נישט ווייניג אונאַנגענעמליכקייט און צייט־פאַרלוסט האָבען אונז פאַרשאַפט די צושריפטען פון די ברענטשעס 620 און 225. אַ חוץ דער ניט־בראַקירטער שפּראַך, וואָס די צושריפטען האָבען אַנטהאַלטען, זיינען זיי געווען אַ מין אָנקלאַגע געגען דער גאַנצער פאַרוואַלטונג פונ'ם אַ. ר., און אַנשטאָט זיך אָפּצוגעבען מיט אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט זיינען מיר מייסטענס געווען פאַרנומען ביי אַלע קאָנפערענצען און פאַרזאַמלונגען, קלאָר צו מאַכען די אַבזיכטען פון אָט די רעוואָלוציאָנערע צושריפטען. מיר ווילען ניט אַריין גיין אין די גרעניצען פון דער נאַצ. עקזעק. קאָמ. און דאָ ענטפערען אויף די צושריפטען און אויף זייער זעהר ניט געראָטען קינד, די 15־נער קאָמיטע. מיר דערמאָנען דאָס, אַגב אורחא, ווייל דאָס האָט פּשוט אונז פיל געשטערט אין אונזער רוטינער אַרבעט, און אַ דאַנק אָט דער 15־נער קאָמיטע זיינען פיל פון אונזערע דזשאָינט מיטינגען, און דיסטריקט קאָנפערענצען, ניט אויסגענוצט געוואָרען פאַר די צוועקען, פאַר וועלכע זיי זיינען גערופען געוואָרען. דאָס איז זיכער באַדויערנסווערט, וואָס פיל פון אונזערע ווערטער, צייט און ענערגיע זיינען פאַרגאַנגען לאיבוד.

## די אָרגאַניזירונג פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס

מיר האָבען דעם יאָר געמאַכט עטליכע וויכטיגע ענדערונגען אין דער אָרגאַניזירונג פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס. מיר האָבען דאָס געטאָן נאָך אַ קלאָרען שטודיום און ישוב הדעת, אַזוי אַז די אַרבעט זאָל מער קאָנצענטרירט ווערען און זאָל ברענגען בעסערע רעזולטאַטען. מיר האָבען אויך געמוזט אין געוויסע שטעט פאַרקלענערען די צאָל פון די מיטגלידער אין דער קאָמיטע. פון ערפאַרונג ווייסען מיר, ערשטענס, אַז גרעסערע קאָמיטעס טוען ווייניגער אַרבעט, און צווייטענס, האָבען מיר זיך געמוזט רעכענען מיט דעם, וואָס די מיטגלידערשאַפט האָט נידערגעשטימט די העכערונג פאַר דעם אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד, און מיר האָבען געמוזט פאַרקלענערען די אויסגאַבען, כדי ניט צו מאַכען גרעסער דעם דעפיציט, ווייל יעדע קאָמיטע האָט אומגעפער אויסגאַבען, ווי קאַר־פעיר און באַן־געלט. אָנפאַנגס זיינען איינִיגע שטעט ניט געווען צופרידען מיט אונזער צעטיילונג. זיי האָבען אָבער געטאָן אמת־גוטע אַרבעט.

אין פאַרבינדונג מיט די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס ווילען מיר דאָ אָנרירען אַ זייער אָנגעווייטאָגטע פראַגע, וואָס פאַרשאַפט אונז צייטענווייז ניט ווייניג אונאַנגענעמליכקייט. אין פאַרשידענע שטעט געפינען זיך ברענטשעס, וואָס צוליב איינע אָדער אַ צווייטע אורזאַך ווילען זיי ניט אָנערקענען די אָרטיגע קאָמיטעס. אַ חוץ דעם וואָס דאָס פאַראורזאַכט אַ סך מאָל מיספאַרשטענדניסען מיט'ן אָפּיס, שטערט דאָס אָבער מערסטענס די אַרבעט פון דער סיטי אָדער דיסטריקט קאָמיטע. עס טויטעט איר טעטיגקייט און פאַראורזאַכט אַ מיסטרויען און כאָאָס אין דער אַרבעט פון דעם דיסטריקט. מיר רעדען מיט'ן פולען ערנסט, אַז ווען די ברענטשעס וואָלטען וויסען דעם שאָדען און צוריקהאַלט פון אַרבעט, וואָס זיי פאַראורזאַכען, וואָלטען זיי דאָס ניט געטאָן. מיר האָפען, אַז אַזעלכע זאַכען וועלען אין דער צוקונפט ניט פּאַסירען.

## געמיינשאַפטליכע אַרבעט פון אָרגאַנ. און עדיוק. קאָמיטעס

איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען צו שליכטען איז פאַר אונז געווען די רעקאָמענדאַציע פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, אַז אַ טייל אָדער כמעט די גאַנצע בילדונגס־טעטיגקייט זאָל דורכגעפירט ווערען פון דער אָרג. קאָמיטע. מיר מוזען דאָ גלייך זיך מודה זיין, אַז טראָץ דעם וואָס מיר האָבען פאַרשטאַנען דעם פאַרלאַנג און פּראַקטישקייט פון דער קאָנווענשאָן, איז דאָס פאַר אונז געווען זייער ניט קיין דאַנקבאַרע, און מער פון אַלץ, ניט קיין אָנגענעמע אויפגאַבע. מיר וואָלטען פאַרשטאַנען און געקענט דורכפירען די אַרבעט ווען עס זאָל ניט עקזיסטירען אַ פּערמאַנענטע עדיוק. קאָמיטע וואָס האָט אַלע יאָרען אָנגעפירט די אַרבעט. מיר האָבען זיך גלייך אָנגעשטויסען אין

# אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד

אײננאַמע און אויסגאַבען פאַר׳ן יאָר 1921 אין פאַרגלײך מיט די יאָרען 1917, 1918, 1919 און 1920

| אײננאַמע | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|---|---|---|
| דוּעס פון מיטגלידער | $4,664.25 | $6,480.09 | $7,328.52 | $11,142.12 | $11,712.28 |
| ספּעשעל אַסעסמענט | — | — | — | — | 3,545.20 |
| אײננאַמע | 4,664,25 | 6,480.09 | 7,328.52 | 11,142,12 | 15,257.48 |
| פאַרלוסט פון געשטראָכענע מיטגלידער | 105.73 | 63.54 | 106.18 | 193.22 | 291.25 |
| נעט אײננאַמע | $4,558.52 | $6,416.55 | $7,222.34 | $10,948.90 | $14,966.23 |
| **אויסגאַבען** | | | | | |
| ניו־יאָרק סטייט | $1,047.57 | $ 867.12 | $1,076.08 | $ 1,983.95 | $ 957.67 |
| ניו־דזשוירזי סטייט | 278.09 | 210.62 | 545.49 | 410.29 | 465.47 |
| פּענסילווייניא „ | 419.26 | 518.75 | 607.81 | 607.69 | 916.10 |
| קאָנעטיקוט „ | 257.76 | 212.78 | 307.50 | 161.52 | 265.49 |
| מעריילאַנד „ | 73.86 | 142.20 | 88.71 | 274.70 | 142.25 |
| אילינאָיז „ | .181.90 | 238.45 | 487.85 | 440.23 | 316.12 |
| ראָד־איילענד „ | 47.69 | 74.52 | 67.88 | 85.58 | 116.65 |
| מישיגען „ | 95.04 | 142.58 | 337.68 | 440.32 | 607.25 |
| אָהיאָ „ | 17.00 | 64.50 | 103.70 | 98.75 | 146.26 |
| וויסקאָנסין „ | .98.60 | 78.50 | 151.25 | 168.25 | 138.00 |
| מיזורי „ | 41.50 | 38.30 | 134.91 | 162.52 | 87.25 |
| ווירדזשיניע „ | 28.20 | 1.35 | 20.22 | 26.85 | 2.10 |
| מינעסאָטאַ „ | 146.62 | 196.55 | 285.60 | 133.50 | 123.20 |
| דיסטריקט אוו קאָלומביא | 42.46 | — | — | — | — |
| מעין סטייט | 76.55 | 77.78 | 64.80 | — | — |
| טעקסאַס און לואיזיאַנא סטייטס | — | 92.35 | 5.56 | 83.35 | 109.00 |
| איאָווא און נעבראַסקא סטייטס | — | — | 21.85 | 75.25 | 121.00 |
| אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט | 156.85 | 133.30 | 380.70 | 458.52 | 368.03 |
| קאַליפאָרניע סטייט | 42.00 | 66.52 | 67.81 | 267.07 | 714.49 |
| סאַוט־איסטערן דיסטריקט קאָמיטע | — | — | — | 8.35 | 97.00 |
| מאַסאַטשוזעטס סטייט | — | — | — | — | 2,630.94 |
| **אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט** | | | | | |
| סואַווענירס | 239.45 | 184.25 | 832.15 | 1,631.37 | 80.00 |
| קאָמיטעס | 695.43 | 681.25 | 790.50 | 984.00 | 1,814.68 |
| רייִלראָוד פעירס | 466.97 | 545.61 | 732.24 | 526.28 | 845.49 |
| צייט־פאַרלוסט פון קאָמיטעס | 308.00 | 256.00 | 450.50 | 354.75 | 441.59 |
| סטיישאָנערי און פּרינטינג | 58.87 | 728.75 | 367.10 | 711.46 | 66.25 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 10.13 | 11.07 | 22.03 | 32.43 | 48.84 |
| אַדווערטייזמענטס | 9.80 | 36.00 | 26.20 | 940.22 | 354.30 |
| פּאָסטיידזש | 1.26 | — | .12.53 | 47.63 | 33.32 |
| עקספּרעסיידזש | 1.56 | — | 19.16 | 32.86 | — |
| פאַרשידענעס | 38.75 | 42.00 | 185.29 | 142.97 | 173.03 |
| רענט פאַר מיטינג־רומס | — | 9.00 | 50.00 | — | — |
| קאַנדידאַטען עקזאַמינײשאָנס | — | 18.50 | — | — | — |
| קאָנצערטען | — | 170.10 | 319.82 | 551.88 | 196.38 |
| עקסטראַ אָפיס אַרבעט | — | — | — | 60.63 | — |
| טאָטאַל אויסגאַבען | $4,881.17 | $5,838.80 | $8,517.42 | $11,901.17 | $12,378.15 |
| דעפיציט פאַרן יאָר | .322.65 | — | 1,295.08 | 952.27 | — |
| דעפיציט פון פאָריגען יאָר | 296.07 | 618.72 | 40.97 | 1,336.05 | — |
| באַלאַנס פון לעצטען יאָר | — | 577.75 | — | — | 2,585.08 |
| טאָטאַל דעפיציט | $.618.72 | $ 40.97 | $1,336.05 | $ 2,288.32 | — |
| באַלאַנס | — | — | — | — | 296.76 |

דעם אַלטען יוריסדיקציע קאַמף אין װעמעס גרעניצען עס באַ־לאַנגט די אַרבעט און צו וועלכער קאָמיטע עס באַלאַנגט די אַנ־דערע אַרבעט. ניט האָבענדיג קלאָר פאַר זיך אויסגעאַרבעט און פאָרגעשפּראָכען אונזער טעטיגקייט אין דער ליניע פון עדיוקיי־שאָן, האָבען מיר באַשלאָסען אָנצופירען די אַרבעט געמיינ־שאַפטליך מיט דער עדיוק. קאָמ. מיר האָבען געהאַט עטליכע געמיינשאַפטליכע מיטינגען און ערווײלט אַ סאָב־קאָמיטע אָנ־צופירען די אַרבעט, און אַזוי אַרום איז אונז געלונגען בשלום דורכצופירען די אַרבעט. און אויב עס איז אונז ניט געלונגען דורכצופירען גרויסע קאָלאָסאַלע אַרבעטען צוזאַמען מיט דער עדיוק. קאָמ., ווי מיר וואָלטען געוואונשען, איז דאָס בלויז די שולד פון אונזערע מיטגלידער, וועלכע זיינען צופיל אויסגעאַר־בעט און קאַרג, ווען עס קומט צו גיבען עטליכע סענט פאַר עדיוק. אַרבעט. אַלענפאַלס זיינען פון אונז געמיינשאַפטליך דורכגעפירט געוואָרען עטליכע גרויסע קאָנצערטען און מאַס־מיטינגען. אויך האָבען מיר זיך פון צייט צו צייט אַרויסגע־האָלפען מיט מיטגלידער פון דער עדיוק. קאָמ. צו אַדרעסירען אונזערע מיטינגען, און אויך פאַרקערט. די קומענדע קאָנווענ־שאָן װעט זיך מעגען װעגען דעם אַריינטראַכטען.

### אונזערע רעליף קאַמפּיינס — „האַיאַס“ קאַמפּיין

אונטער אויסערגעוויינליכע אומשטענדען איז אונז אויך אויסגעקומען אָנצופירען די רעליף־קאַמפּיינס. ערשטענס, די געדריקטע מאַטעריעלע לאַגע פון אונזערע מיטגלידער, און צווייטענס, די עקשנות און „צו להכעיס“ פּאָליטיק פון אַ צאָל מיט־גלידער אונזערע, וואָס האָט זיכער די לאַגע נאָך ערגער געמאַכט און זיינען טיילוויִיז שולדיג אין דעם, וואָס מיר האָבען ניט גע־שאַפען אַזוי פיל געלט ווי אונז האָט זיך געוואָלט. מיר זאָגען

## נייע און געשטראָכענע מיטגלידער אין די פאַרשידענע דיסטריקטס און די אויסגאַבען פון די פאַרשידענע דיסטריקט קאָמיטעס פאַר די קוואַרטאַלען 84, 85 און 86

| דיסטריקט קאָמיטעט | צאָל מיטגלידער יולי 1, 1921 | נייע מיטגלידער | געשטראָכענע מיטגלידער | מער נייע מיטגלידער | מער געשטראָכענע מיטגלידער | אויסגאַבען פון די דיסטריקט קאָמיטעס פון יולי 1, 1921, ביז מערץ 31, 1922 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ניו־יאָרק, נ. י. | 86348 | 2936 | 2724 | 212 | — | $1212.60 |
| אַלבאַני, נ. י. | 483 | 17 | 86 | — | 19 | 41.59 |
| באַפאַלא און ראָטשעסטער, נ. י. | 1077 | 17 | 114 | — | 97 | 93.54 |
| וועסטשעסטער, נ. י. | 576 | 53 | 44 | 9 | — | 21.80 |
| סיראַקיוז, נ. י. | 563 | 19 | 48 | — | 29 | —— |
| האָדסאָן קאונטי, נ. דזש. | 1370 | 75 | 152 | — | 77 | 48.55 |
| נוארק, נ. דזש. | 2735 | 162 | 279 | — | 117 | 54.34 |
| ניו־בראַנזוויק, נ. דזש. | 932 | 68 | 69 | — | 1 | 42.88 |
| פּעטערסאָן, נ. דזש. | 1727 | 89 | 64 | 25 | — | 218.20 |
| פּיטסבורג, פּאַ. | 1224 | 76 | 173 | — | 97 | 48.00 |
| פילאַדעלפיע, פּאַ. | 6834 | 339 | 913 | — | 574 | 502.44 |
| סקראַנטאָן, פּאַ. | 725 | 22 | 74 | — | 52 | 69.33 |
| פּראָווידענס, ר. א. | 521 | 29 | 32 | — | 8 | 18.98 |
| באָסטאָן, מאַסס. | —— | 183 | 103 | 80 | — | 502.72 |
| בראָקטאָן, מאַסס. | —— | 55 | 60 | — | 5 | 10.00 |
| וואָרסעסטער, מאַסס. | —— | 16 | 51 | — | — | 52.50 |
| לין, מאַסס. | —— | 19 | 62 | — | 43 | 57.54 |
| ספּרינגפילד, מאַסס. | —— | 45 | 49 | — | 4 | 7.00 |
| דעטראָיט, מישיגען | 1381 | 50 | 255 | — | 205 | 168.15 |
| שיקאַגאָ, אילינאָיז | 5684 | 268 | 811 | — | 543 | 822.47 |
| אָמאַהאַ, נעבראַסקאַ | 354 | 14 | 54 | — | 40 | 64.00 |
| • מינעאַפּאָליס, מינ. | 1145 | 38 | 193 | — | 155 | 139.70 |
| קענזעס סיטי, מאָ. | 398 | 33 | 56 | — | 23 | —— |
| סט. לואיס, מאָ. | 332 | — | 73 | — | 73 | —— |
| מעין | 270 | 5 | 24 | — | 19 | |
| לואיזיאַנאַ און טעקסאַס | 344 | 26 | 35 | — | 9 | 109.00 |
| קאַליפאָרניע | 905 | 80 | 132 | — | 52 | 222.63 |
| סינסינעטי, אָהייאָ | 409 | 16 | 54 | — | 38 | —— |
| קליוולענד, אָהייאָ | 1078 | 68 | 189 | — | 121 | 348.58 |
| ווירדזשיניאַ | 386 | 29 | 60 | — | 31 | —— |
| סאַוט איסטערן דיסטריקט | 547 | 47 | 56 | — | 9 | 138.21 |
| ברידזשפּאָרט, קאָנ. | 519 | 16 | 46 | — | 30 | 2.00 |
| האַרטפאָרד, קאָנ. | 1171 | 39 | 93 | — | 54 | 73.79 |
| ניו־הייווען, קאָנ. | 1008 | 19 | 119 | — | 100 | 91.56 |
| באַלטימאָר, מד. | 1937 | 48 | 189 | — | 141 | 145.48 |
| מאָנטרעאַל, קענעדע | 603 | 28 | 171 | — | 143 | 58.50 |
| טאָראָנטאָ, קענעדע | 712 | 37 | 175 | — | 138 | —— |

• מינעאַפּאָליס שליסט איין מילוואָקי דיסטריקט.

דאָס מיט'ן פולען באַוואוסטזיין, אַז ווען די אַרבעט פאַר רוסישע רעליף וואָלט אָנגעפירט געוואָרען האַרמאָניש, און דורך איין קערפּערשאַפט, ד. ה. דורך אונזער דזשענ. אָפיס, וואָלטען זיכער די רעזולטאַטען געווען אַ סך דערפרייענדער און ממשות'דיגער. טראָץ דעם וואָס אַריינרעכענענדיג די ערנסטע שטערונגען, וואָס מיר האָבען כמעט געהאַט אין יעדער שטאָט, האָבען מיר אונטער די אומשטענדען געשאַפען אַן ערך פון 50 טויזענט דאָלאַר פאַר רעליף, פון וועלכע 22 טויזענט זיינען שוין אוועקגעשיקט געוואָרען דירעקט צום רוסישען רויטען־קרייץ, פון וועלכען מיר האָבען שוין די קבלות, און פאַר 10 טויזענט דאָלאַר מכשירים האַלטען מיר איצט אין שיקען פאַר די אידען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אַגב אורחא, שיקען מיר איצט אוועק אַ גאַנצען וואַגאָן זאַכען, ווי שפּייז און קליידער, געזאַמעלט פון אונזערע קליוולענדער בר. אין פּיפּעל'ס רעליף, פאַר וועלכע מיר דריקען דאָ אויס אַ יישר כח אין נאָמען פון די הונגערלײַדענדע. און אַז מיר האַלטען שוין ביים דאַנקען, מוזען מיר אויך דערמאָנען ריטשמאָנד, ווירדזשיניע, וואָס האָט געמאַכט אַ טעג־טאָג און אַריינגעשיקט אַ היבשע סומע. וואָלט דער פּלאַץ אונז דערלויבט, וואָלטען מיר אַריינגעגאַנגען אין אייגנצעלהייטען און דערציילט ווי אַזוי די רעליף־ אַרבעט איז צעבראָקעלט געוואָרען אַ דאַנק דעם וואָס אייניגע מענשען האָבען דאָס געוואָלט אויסנוצען פאַר פּאָליטישע צוועקען. מיר זיינען אָבער זיכער, אַז די מיטגלידער וועלען אין דער צוקונפט איינזען, אַז צוליב די חלוקי דעות קומט ווייניג גוטס אַרויס, און וועלען אין דער צוקונפט האַנדלען פאַראייניגט. איין זאַך מוז אָבער זיין קלאָר: ווען מיר האָבען דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז אַלע געלדער, געשאַפען פון א. ר. מיטגלידער, זאָלען גיין דורך אונזער אָפיס, האָבען מיר געזוכט די טובה פון די הונגער־לײַדענדע און אויך דעם פּרעסטיזש פון אונזער אָרגאַניזאַציע. דאָס האָט איבערצייגט די טעלעגראַמע, וואָס איז געווען פאַרעפענטליכט אין די טעגליכע צייטונגען פון זינאָוויעוו און סאָלאָוויאָוו, דירעקטאָר פון רויטען־קרייץ אין רוסלאַנד.

מיר ווילען אויך באַריכטען, אַז ביי דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ פון רעליף איז ערוויילט געוואָרען אַ 25־ער קאָמיטע אָנצופירען די אַרבעט פאַר אַ לעבעדיגען קאַמפּיין. ליידער האָט די 25־ער קאָמיטע ווייניג געטאָן אַרבעט אויף דעם געביט. נאָכמער, מיר דענקען, אַז פאַר אַ געוויסער צייט איז די אַרבעט דורך זיי געשטערט געוואָרען, ווייל זעענדיג אַז זיי קענען ניט דורכפירען זייער פּאָליטישען ציל אין דער דאַזיגער פראַגע, זיינען זיי מער צו די מיטינגען ניט געקומען און מיר האָבען איבערגעגעבען די אַרבעט צו דער ניו־יאָרקער סיטי קאָמיטע, וועלכע האָט בשלימות געטאָן די אַרבעט, און געהאָלפען אונז שאַפען די אויבען־דערמאָנטע סומע פאַר'ן רעליף. אגב זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערען, אַז אייניגע לאָקאַלען פון די פּיפּעל

## דער צוואוקס אָדער פאַרלוסט פון ברענטשעס און מיטגלידער אין די דיסטריקט קאָמיטעס אין יאָר 1921

| דיסטריקט קאָמיטע | צאָל ברענטשעס: אָנפאַנג יאָר | צאָל ברענטשעס: ענדע יאָר | צוואוקס פון ברענטשעס | פאַרלוסט פון ברענטשעס | צאָל מיטגלידער: אָנפאַנג יאָר | צאָל מיטגלידער: ענדע יאָר | צוואוקס פון מיטגלידער | פאַרלוסט פון מיטגלידער | נייע מיטגלידער | געשטראָכענע מיטגלידער | מער נייע מיטגלידער | מער געשטראָכענע מיטגלידער | אויסגאַבען פון די דיסטריקט קאָמיטעס |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַלבאַני, נ. י. | 6 | 7 | 1 | — | 491 | 492 | 1 | — | 55 | 45 | 10 | — | 18.43 |
| באַפאַלאָ און ראָטשעסטער | 7 | 7 | — | — | 1076 | 1030 | — | 46 | 59 | 104 | — | 45 | 71.04 |
| וועסטשעסטער, נ. י. | 9 | 9 | — | — | 558 | 553 | — | 5 | 55 | 54 | 1 | — | 52,37 |
| ניו־יאָרק | 259 | 272 | 13 | — | 38996 | 40892 | 1896 | — | 4503 | 3068 | 1435 | — | 1417.16 |
| סיראַקיוז, נ. י. | 5 | 6 | 1 | — | 508 | 584 | 76 | — | 79 | 56 | 23 | — | —— |
| האַדסאָן, נ. דזש. | 9 | 9 | — | — | 1361 | 1300 | — | 61 | 126 | 161 | — | 35 | 54,21 |
| נואַרק, נ. דזש. | 22 | 23 | 1 | — | 2791 | 2682 | — | 109 | 227 | 315 | — | 88 | 147.68 |
| ניו בראַנזוויק, נ. דזש. | 7 | 10 | 3 | — | 927 | 1058 | 131 | — | 155 | 90 | 65 | — | 30.00 |
| פּעטערסאָן, נ. דזש. | 11 | 12 | 1 | — | 1717 | 1720 | 3 | — | 129 | 101 | 28 | — | 190.50 |
| פּראָווידענס, ר. א. | 5 | 5 | — | — | 529 | 465 | — | 64 | 44 | 52 | — | •8 | 116.65 |
| העריסבורג, פּאַ. | 12 | 10 | — | 2 | 750 | 602 | — | 148 | 32 | 99 | — | 67 | 139.90 |
| פילאַדעלפיע, פּאַ. | 45 | 44 | — | 1 | 6875 | 6340 | — | 535 | 609 | 1018 | — | 409 | 400.20 |
| פּיטסבורג, פּאַ. | 14 | 14 | — | — | 1266 | 1154 | — | 112 | 131 | 196 | — | 65 | 100.00 |
| ברידזשפּאָרט, קאָנ. | 5 | 5 | — | — | 544 | 485 | — | 59 | 31 | 66 | — | 35 | 16.10 |
| האַרטפאָרד, קאָנ. | 10 | 10 | — | — | 1204 | 1119 | — | 85 | 53 | 137 | — | 84 | 190.01 |
| וואָטערבורי, קאָנ. | 3 | 5 | 2 | — | 216 | 267 | 51 | — | 4 | 23 | — | 19 | |
| ניו־הייווען, קאָנ. | 7 | 9 | 2 | — | 1022 | 1026 | 4 | — | 55 | 112 | — | 57 | 47.65 |
| ניו־לאָנדאָן, קאָנ. | 4 | 4 | — | — | 191 | 199 | 8 | — | 20 | 46 | 4 | — | —— |
| דעטראָיט, מיש. | 11 | 10 | — | 1 | 1490 | 1039 | — | 451 | 111 | 375 | — | 264 | 452.25 |
| מילוואָקי, וויס. | 6 | 8 | 2 | — | 607 | 630 | 23 | — | 63 | 95 | — | 32 | 138.00 |
| מינעאַפּאָליס, מינ. | 9 | 8 | — | 1 | 587 | 487 | — | 100 | 80 | 102 | — | 72 | 83.50 |
| מעין דיסטריקט | 5 | 6 | 1 | — | 286 | 304 | 18 | — | 11 | 33 | — | 22 | —— |
| באַלטימאָר, מד. | 15 | 15 | — | — | 2007 | 1792 | — | 215 | 57 | 273 | — | 216 | 103.78 |
| ווירדזשיניע דיסטריקט | 6 | 6 | — | — | 565 | 550 | — | 15 | 49 | 60 | — | 11 | —— |
| שיקאַגאָ, איל. | 54 | 52 | — | 2 | 4835 | 5155 | 320 | — | 515 | 1096 | — | 581 | 176.25 |
| סינסינעטי, אָהייאָ | 5 | 7 | 2 | — | 420 | 449 | 29 | — | 21 | 60 | — | 39 | |
| קליוולענד, אָהייאָ | 9 | 11 | 2 | — | 1049 | 1117 | 68 | — | 153 | 280 | — | 127 | 146.26 |
| סט. לואיס, מיזורי | 4 | 4 | — | — | 363 | 278 | — | 85 | 9 | 94 | — | 85 | 70.75 |
| קענזעס סיטי, מיזורי | 5 | 5 | — | — | 379 | 385 | 6 | — | 62 | 58 | 4 | — | 16.50 |
| אָמאַהאַ, נעב. | 6 | 6 | — | — | 389 | 318 | — | 71 | 23 | 91 | — | 68 | 121.00 |
| טעקסעס און לואיזיאַנא | 8 | 6 | — | 2 | 350 | 300 | — | 50 | 56 | 45 | 11 | — | 109.00 |
| קאַליפאָרניא דיסטריקט | 7 | 15 | 8 | — | 844 | 1313 | 469 | — | 221 | 160 | 61 | — | 712.29 |
| סאוט איסטערן דיסטריקט | 6 | 7 | 1 | — | 521 | 584 | 63 | — | 69 | 69 | — | — | 97.00 |
| מאָנטרעאַל, קענעדע | 5 | 5 | — | — | 669 | 499 | — | 170 | 51 | 171 | — | 120 | 88.08 |
| טאָראָנטאָ, קענעדע | 10 | 11 | 1 | — | 876 | 769 | — | 107 | 86 | 217 | — | 131 | 152.00 |
| באָסטאָן, מאַס. | — | 18 | 18 | — | —— | 1576 | 1751 | — | 129 | 85 | 44 | — | 80.00 |
| לין, מאַס. | — | 6 | 6 | — | —— | 419 | 419 | — | 111 | 39 | 72 | — | 54.70 |
| וואוסטער, מאַס. | — | 4 | 4 | — | —— | 316 | 316 | — | 14 | 18 | — | 4 | 129.75 |
| ספּרינגפילד, מאַס. | — | 5 | 5 | — | —— | 502 | 552 | — | 28 | 26 | 2 | — | 7.00 |
| בראָקטאָן, מאַס. | — | 6 | 6 | — | —— | 460 | 460 | — | 45 | 70 | — | 25 | 10.00 |

הייגגערס און פיינטערס פון ניו־יאָרק און בעיאָן האָבען זייערע רעליף־געלדער געשיקט דורך אונזער אָפיס.

מיר האָבען אויך מינדליך און שריפטליך אָנגעפירט א קאַמ־פּיין פאַר דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. מיר גלויבען, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט פאַרדינט אונזער ערנסטע און איבער־געבענע שטיצע, און מיר האָבען דאָס געטאָן בשלמות. אמת איז, אַז עס איז אונז ביז איצט נאָך ניט געלונגען צו שאַפען די פאַרשפּראָכענע סומע; מיר זיינען אָבער פול מיט האָפנונג, אַז די מיטגלידער וועלען אונז העלפען דאָס צו דערפילען.

### סכסוכים מיט ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס

מיר וועלען דאָ דערמאָנען עטליכע שטרייטיגקייטען מיט ברענטשעס, וואָס וועלען וואַרפען אַביסעל ליכט אויף די פאַר־שידענאַרטיגע אַרבעטען, מיט וואָס אונז קומט אויס פון צייט צו צייט צו קומען פנים אל פנים.

1) מיר זיינען געווען געצוואונגען אויפצולייזען בר. 191, פילאַדעלפיע, דערפאַר וואָס זייערער א מיטגליד איז געלאָפען אַלס „דזשאַסטיס און פּיעס" אויף א קאַפּיטאַליסטישען טיקעט און דער ברענטש האָט זיך אַנטזאָגט אים אויסצושליסען.

2) א מיטגליד פון בר. 623, נו־יאָרק, האָט אַגיטירט פאַר א קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאַט און דער ברענטש האָט דאָס פאַרשוויגען, מיר האָבען דורך דער סיטי קאָמיטע געזען, אַז דער באַטרעפענדער זאָל קריגען זיין שטראָף.

3) א מיטגליד פון בר. 410 האָט אַרויסגענומען אַן אינ־דזשאַנקשאָן געגען סטרייקערס אין דער צייט פון קלאָוקמאַכער סטרייק. דער ברענטש האָט אים שטראָפירט מיט א קליינער סומע געלט. מיר האָבען דורך אונזער סיטי קאָמיטע געזען רופען א ספּעציעלען מיטינג און זען ווירקען, אַז א מיטגליד פונ'ם א. ר. זאָל ניט קענען באַגיין א פאַרברעכען געגען די פּרינציפּען פונ'ם א. ר. און אָפּקומען מיט א קליינע שטראָף.

4) מיר האָבען געהאַט א שטיקעל סכסוך מיט דעם טאָ־לידער ברענטש, ווי פאָלגט: צו דער קאָנפערענץ צו ערוויילען א נאַציאָנאַלע באָאַרד אָוו דירעקטאָרס איז זייער ברענטש אויסגע־

## נייע ברענטשעס אינסטאלירט אין 1921

| סיטי און סטייט | ברענטש נומער | אינסטאלירט פון דיסטריקט | מיטגלידער צאל |
|---|---|---|---|
| ניו־יארק, נ. י. | 528 | 82 | 27 |
| " " | 665 | 82 | 31 |
| " " | 327 | 83 | 50 |
| " " | 374 | 84 | 29 |
| " " | 535 | 84 | 34 |
| " " | 35 | 85 | 58 |
| " " | 203 | 85 | 23 |
| " " | 668 | 85 | 22 |
| " " | 669 | 85 | 23 |
| " " | 673 | 85 | 25 |
| נעסאו, נ. י. | 661 | 82 | 26 |
| ראהוויי, נ. דזש. | 567 | 82 | 13 |
| אסבארי פארק, נ. דזש. | 627 | 82 | 25 |
| עליזאבעט, נ. דזש. | 356 | 84 | 27 |
| נוארק, נ. דזש. | 664 | 84 | 22 |
| פעטערסאן, נ. דזש. | 401 | 84 | 27 |
| האמסטעד, פא. | 662 | 82 | 28 |
| מעקקיספארט, פא. | 674 | 85 | 19 |
| פעטאלומא, קאליפ. | 658 | 82 | 17 |
| לאס אנדזשעלאס, קאליפ. | 654 | 83 | 18 |
| סטאקטאן, קאליפ. | 660 | 83 | 33 |
| קענאשע, וויסק. | 187 | 83 | 32 |
| לאריין, אהייא | 652 | 83 | 15 |
| דעטראיט, מיש. | 663 | 83 | 24 |
| " " | 678 | 83 | 37 |
| באסטאן, מאס. | 666 | 83 | 20 |
| " " | 672 | 84 | 38 |
| פאל ריווער, מאס. | 667 | 83 | 32 |
| וואוסטער, מאס. | 670 | 83 | 78 |
| טשעלסיע, מאס. | 671 | 84 | 17 |
| בראקטאן, מאס. | 675 | 84 | 19 |
| לייבאר־ליג: באסטאן | 701 | 84 | 102 |
| " | 705 | 84 | 186 |
| " | 710 | 84 | 59 |
| " | 711 | 84 | 29 |
| " | 720 | 84 | 65 |
| " | 748 | 84 | 12 |
| " | 751 | 84 | 30 |
| קעמברידזש, מאס. | 702 | 84 | 70 |
| וואוסטער, מאס. | 703 | 84 | 159 |
| ריווערי, מאס. | 704 | 84 | 82 |
| דארטשעסטער, מאס. | 706 | 84 | 38 |
| לינו, מאס. | 707 | 84 | 174 |
| קווינסי, מאס. | 708 | 84 | 69 |
| מאלדען, מאס. | 709 | 84 | 223 |
| אטעלבורי, מאס. | 712 | 84 | 30 |
| בראקטאן, מאס. | 715 | 84 | 53 |
| " " | 725 | 84 | 199 |
| סיילעם, מאס. | 717 | 84 | 62 |
| ראקסבורי, מאס. | 718 | 84 | 185 |
| וויטמאן, מאס. | 719 | 84 | 10 |
| פיטספילד, מאס. | 721 | 84 | 38 |
| ניו־בעדפארד, מאס. | 723 | 84 | 163 |
| מילפארד, מאס. | 726 | 84 | 13 |
| ביווערלי, מאס. | 728 | 84 | 49 |
| נארד אדאמס, מאס. | 732 | 84 | 43 |
| טשעלסי, מאס. | 736 | 84 | 300 |
| " " | 744 | 84 | 47 |
| לאורנעס, מאס. | 742 | 84 | 78 |
| הייווערוויל, מאס. | 738 | 84 | 34 |
| מעדוויי, מאס. | 743 | 84 | 47 |
| האליאק, מאס. | 745 | 84 | 25 |
| גרינפילד, מאס. | 752 | 84 | 21 |
| ספרינגפילד, מאס. | 716 | 84 | 374 |

לאזט געווארען פונ'ם דיסטריקט סעקר. פון אהייא. די אורזאך דערפון איז געווען, וואס טאלידא באלאנגט צו דער דיסטריקט קאמ. פון דעטראיט, מיש., און זיי האבען שטארק פראטעסטירט. אונזער קאמ. האט איינגעזען זייער גערעכטע טענה, און האט דערלויבט זייער ברענטש ארויסצושטעלען א קאנדידאט, ד. ה. עס זאלען דארט לויפען אויפ'ן טיקעט 3 קאנדידאטען אנשטאט 2, ווי געוויינליך. דער ברעטש, איינזעענדיג אז דא איז ניט אבזיכטליך איגנארירט געווארען זייער ברענטש, נאר עס איז געווען א מענטשליכער טועת, האט זיך אנטזאגט פון דעם.

5) א זייער ניט-אנגענעמע ערפארונג האט אונזער קאמיטע געהאט מיט א ברענטש פון דעטראיט. אונזער א מיטגליד, זייענדיג אויף א טור אין מידעל-וועסט, איז געקומען צום ברענ[illegible] זיך דורכריידען וועגען זייער וויכטיגען און טרויעריגען [illegible] נעמליך וועגען די גרויסע שולדען זייערע צום אפיס, וואס [illegible] פאראורזאכט געווארען דורך זייערען א סעקרעטער, וועל[illegible] שולדיג געבליבען דעם ברענטש אן ערך פון 8 הונדערט [illegible] און דערפאר וואס עס זיינען מיט אונזער מיטגליד [illegible] 2 מיטגלידער פון דער ארטיגער דיסטריקט קאמי[illegible] איז ניט שוה בשוה מיט אט דעם ברענטש, איז שיר [illegible]ן צו זייער אן ערנסטען צוזאמענשטוים. אונזער [illegible]ר איז געווען געצוואונגען צו פארלאזען דעם לאקאל, ווייל דער ברענטש האט זיך אונטער אלע אומשטענדען אנטזאגט צו אנערקענען די ארטיגע דיסטריקט קאמיטע, וועלכע ווערט פון אונז — און מוז פון די ברענטשעס — אנערקענט ווערען אלס די אפיציעלע פארטרעטער פון דער עקזעקוטיוו. אויפ'ן פארלאנג פון אונזער מיטגליד האבען מיר קיין דירעקטע שטראף אדער קלאגען ניט געמאכט צו דער עקזעק. אויפ'ן ברענטש, טראץ דעם וואס מיר אנערקענען, אז דער ברענטש האט זייער ניט ריכטיג געהאנדעלט, נאר מיר האבען רעקאמענדירט, אז דער ברענטש זאל גוטמאכען זיינע חובות צום אפיס ביז א געוויסער צייט, זאנסט זאלען זיי אויסגעשלאסען ווערען פונ'ם א. ר. אונזער רעקאמענדאציע איז גוטגעהייסען געווארען.

### א גוט ווארט פאר דער ארבעט פון די דיסט. קאמיטעס, ספעציעל די ניו-יארקער סיטי קאמיטע.

אויב פריערדיגע נאצ. ארג. קאמיטעס פלעגען אויסדריקען צופרידענהייט מיט דער ארבעט פון פארשידענע דיסטריקט קאמיטעס, געפינען מיר פאר נייטיג דעם יאר זיך אפצושטעלען אביסעל ברייטער וועגען זייער ארבעט. למשל, אין דער צייט ווען די ארבעט פון אויפהאלטען די אלטע מיטגליהער איז געווען אויסערגעוויינליך שווער, שוין אפגערעדט פון אריינגעמען נייע מיטגלידער, האבען עטליכע דיסטריקט קאמיטעס אנגעשטרענגט אלע כחות צו טאן די ארבעט געוויסענהאפט און צופרידענשטעלענד. מיר ווילען דא דערמאנען די פאלגענדע קאמיטעס: שיקאגא, סאוט-איסטערן דיסטריקט, פילאדעלפיע, פיטסבורג, לאס-אנדזשעלעס, און ספעציעל די ניו-יארקער סיטי קאמיטע, וועלכע האט היינט צו טאג א צוואוואקס פון אן ערך 12 הונדערט מיטגלידער, האט ארגאניזירט 7 נייע ברענטשעס און אונטערהאנדעלט מיט 12 ארגאניזאציעס אין יעצטיגען מאמענט. זיי האבען גערופען פיל ספעציעלע מיטינגען פון ברענטשעס, גענומען א טיכטיגען אנטייל אין די מאסמיטינגען און קאנצערטען. אין אלגעמיין, מיט דער אויסנאם פון א קליינער צאל דיסטריקטען, וועלכע האבען פשוט פארנאכלעסיגט די ארבעט, איז דעם יאר די ארבעט געווען צופרידענשטעלענד פאר אונז, לויט די אומשטענדען.

אגב אורחא דריקען מיר אוים אונזער ערנסטען דאנק צו אלע דיסטריקט און סיטי קאמיטעס פאר זייער איבערגעבענער ארבעט. דורכפירענדיג אונזערע אלע קאמפיינס, ווי מיטגלידערשאפט, רעליף, „האיאס" און האספיטאל פאר סאוועט־רוסלאנד.

### מיר האבען צוריקגעוויזען עטליכע פארלאנגען פאר נייע ברענטשעס

אויך מיר, אזוי גוט ווי די פריערדיגע קאמיטעס, זיינען ניט געווען פריי פון א סדרה „פעטערסאן". דער באוואוסטער „קלוב", אדער די מעמבערס עט לארדזש פון פעטערסאן, האבען זיך געווענדט צו אונז פאר א טשארטער פאר א נייעם ברענטש. מיר האבען געהאט א סדרה מיטינגען מיט דער דיסטריקט קאמ. און דאן מיט דער גרויסער מיטגלידערשאפט, און אויסהערענדיג אלע צדדים האבען מיר דערוויייל באשלאסען זיי קיין ברענטש ניט צו געבען. מיר האבען אויך צוריקגעצייגט ברענטשעס אין אלבאני און עטליכע אנדערע שטעט.

פערגלייך פון די [illegible]
פאר די יארען פון 1916 ביז 1921

| [illegible] | [illegible] 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | [illegible] 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | [illegible] 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| [illegible] | 16825 | 19098 | 20537 | 24631 | 26958 | 26997 | 1541 | 2023 | 1344 | 1401 | 2196 | 3058 | 9.2 | 10.6 | 6.6 | 5.7 | 8.2 | 11.3 |
| [illegible] | 4911 | 5886 | 6331 | 7883 | 8798 | 9285 | 686 | 785 | 566 | 690 | 924 | 1629 | 13.9 | 13.5 | 8.9 | 8.8 | 10.5 | 17.5 |
| [illegible] | 3426 | 3803 | 4224 | 5029 | 5335 | 5215 | 320 | 563 | 301 | 435 | 538 | 807 | 9.4 | 14.8 | 7.1 | 8.7 | 10.1 | 15.5 |



## די צאָל אויפגעלייזטע ברענטשעס אין 1921

| סיטי און סטייט | ברענטש נומער | קוואָרטאַל אויפגעלייזט | צאָל מיטגלידער ווען אויפגעלייזט | צאָל מיטגלידער וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צו אַנדערע ברענטשעס | צאָל מיטגלידער וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צו מעמבערס עט לאַרדזש |
|---|---|---|---|---|---|
| באָסטאָן, מאַס. — — — | 711 | 85 | 27 | 26 | — |
| וויטמאַן, מאַס. — — — | 719 | 85 | 10 | — | 10 |
| דעטראָיט, מיש. — — — | 688 | 84 | 9 | 8 | — |
| " — — — | 663 | 86 | 24 | — | 24 |
| לענסינג, מיש. — — — | 583 | 85 | 20 | — | 20 |
| וואַנקאָווער, קענעדע — — | 856 | 82 | 8 | — | 8 |
| וויניפּעג, קענעדע — — | 564 | 82 | 50 | 50 | — |
| נוארק, נ. דזש. — — — | 326 | 82 | 12 | 12 | — |
| ניו-אָרלעאַנס, לאַ. — — | 424 | 84 | 22 | — | 22 |
| ניו-בראַנזוויק, נ. דזש. — | 563 | 84 | 10 | 9 | — |
| ניו-יאָרק, נ. י. — — — | 35 | 82 | 24 | 24 | — |
| ניו-קאַסעל, פּאַ. — — — | 203 | 83 | 5 | — | 5 |
| פילאַדעלפיע, פּאַ. — — — | 374 | 82 | 39 | 39 | — |
| " — — — | 413 | 84 | 15 | — | 15 |
| קענעסוויל, פּאַ. — — — | 590 | 85 | 19 | — | 19 |
| פאָרטוואָרט, טעקסעס — — | 494 | 84 | 5 | — | 5 |
| סופּיריאָר, וויסק. — — | 535 | 82 | 21 | — | 21 |
| קליוולענד, אָהייאָ — — | 463 | 83 | 56 | 56 | — |
| שיקאַגאָ, איל. — — — | 472 | 82 | 20 | 20 | — |
| " — — — | 596 | 85 | 14 | 12 | — |

### אָרגאַניזאַציאָנס טור

דער אמת איז, אַז לויט אונזער אָריגינעלען פּלאַן, ווי אויסגעאַרבעט, האָבען מיר געזאָלט מאַכען עטליכע היבשע טורס איבער'ן לאַנד. נאָר ווי וויכטיג און נייטיג מיר האָבען גוט באַטראַכט די טורס און זייערע רעזולטאַטען, האָבען מיר זיך געמוזט באַגנוגענען מיט איין טור פון פּר. דינערשטיין און עטליכע פּריוויליגע באַזוכען פון אונזער טשערמאַן, פּר. גוסקין, וועלכער, פאַרענדיג פאַר זיין יוניאַן, האָט ער פון צייט צו צייט באַזוכט עטליכע שטעט פאַר אונז. מיר האָבען זיך אויך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט וואָס פּר. סיימאָן פון קאַליפאָרניע איז דאָ געוועזען אלס דירעקטאָר פון זיין סטייט און מיר האָבען אים געבעטען באַזוכען עטליכע ווייטע שטעט אין אונזערע אינטערעסען.

מיר האָבען אויך געשיקט אונזערע אַלע קאָמיטע מיטגלידער און אויך איינציגע מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעק., אַריינרעכענענדיג די פּר. געליבטער און באַסקין, צו באַזוכען איינצעלנע שטעט און אַדרעסירען פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען. און נעמענדיג אין אַכט דעם קליינעם בודזשעט, וואָס מיר האָבען פאַר אָרגאַניזאַציאָנס-אַרבעט, האָבען מיר דאָך באַזוכט פאָלגענדע שטעט: עליזאַבעטה, בעיאָן, נוארק, פילאַדעלפיע, ניו-הייווען, אָלבאַני, האָליאָק, באָסטאָן, וואָוסטער, ספּרינגפילד, ריווער, טשעלסי, בראָקטאָן, ראָקסבורי, ניו-בעדפאָרד, לין, פּעטערסאָן, ניו-בראַנזוויק, פּראָווידענס, האַדסאָן קאַונטי, מעין, העריסבורג, האַרטפאָרד, וועסטטשעסטער, אַלבאַני, אָטשעסטער, סיראַקיוז, פּיטסבורג, בינגהאַמטאָן, יאַנגסטאַון, עקראָן, קליוולאַנד, דעטראָיט, טאָלידאָ, קאָלאָמבוס, סינסינעטי, קענטאָן, העדינג, עלענטאַון, דענווער, קאָל., אָמאַהאַ, נעב., און נאָך עטליכע גרעסערע און קלענערע שטעט. מיר האָבען אויך באַזוכט די ברענטשעס אין די מאַונטענס. אין פּעטערסאָן האָבען מיר געהאַט אַ ספּעציעלע „מיטינג-וואָך", וואו מיר האָבען געהאַט מיטינגען מיט אַלע ברענטשעס אין איין וואָך.

### די צוזאַמענשמעלצונג פון לייבאָר-ליג ברענטשעס

די ערשטע אַרבעט אונזערע, גלייך ווי מיר זיינען אַריין אין אַמט, איז געווען די אינסטאַלליישאַנס פון די ברענטשעס פון לייבאָר-ליג אלס אַרבעטער-רינג ברענטשעס. און מיר האָבען דאָס דורכגעפירט גאַנץ פּאַסענד און איינדרוקספול. אין 3 טעג צייט האָבען אונזערע פאַרטרעטער, דינערשטיין, ראַבערטס, לעוויטאַן און קרינסקי, צוזאַמען מיט פּר. גוסקין, טשערמאַן פון

## די איינטיילונג פון דער מיטגלידערשאַפט, ענדע יאָר 1921, נאָך זייער עלטער

| עלטער | צאָל פון נייע מיטגלידער | צאָל פון געשטראָכענע מיטגלידער | צאָל מיטגלידער ענדע יאָר | דער באַטרעף פון [illegible]ר אינשורענס |
|---|---|---|---|---|
| 18 | 46 | 5 | 86 | |
| 19 | 69 | 11 | 84 | |
| 20 | 123 | 46 | 198 | |
| 21 | 188 | 104 | 847 | [illegible] |
| 22 | 262 | 177 | 611 | [illegible] |
| 23 | 321 | 288 | 1109 | 242,700 |
| 24 | 423 | 880 | 1765 | 880,000 |
| 25 | 479 | 498 | 2846 | 501,700 |
| 26 | 483 | 548 | 3084 | 651,200 |
| 27 | 512 | 609 | 3360 | 747,200 |
| 28 | 617 | 596 | 4055 | 897,000 |
| 29 | 490 | 639 | 4039 | 914,400 |
| 30 | 571 | 571 | 4090 | 968,800 |
| 31 | 315 | 547 | 4832 | 1,033,300 |
| 32 | 439 | 532 | 4552 | 1,119,300 |
| 33 | 377 | 456 | 4779 | 1,250,100 |
| 34 | 384 | 498 | 4628 | 1,242,900 |
| 35 | 428 | 508 | 4700 | 1,299,500 |
| 36 | 340 | 475 | 4792 | 1,387,700 |
| 37 | 355 | 419 | 4342 | 1,262,300 |
| 38 | 278 | 351 | 3787 | 1,093,100 |
| 39 | 259 | 372 | 3702 | 1,110,100 |
| 40 | 184 | 263 | 3043 | 914,600 |
| 41 | 89 | 242 | 2998 | 912,600 |
| 42 | 97 | 180 | 2249 | 689,700 |
| 43 | 89 | 161 | 1918 | 610,600 |
| 44 | 56 | 92 | 1713 | 534,700 |
| 45 | 83 | 101 | 1418 | 450,000 |
| 46 | 7 | 63 | 1151 | 367,500 |
| 47 | 3 | 41 | 858 | 276,200 |
| 48 | 10 | 24 | 714 | 239,500 |
| 49 | 5 | 20 | 566 | 188,200 |
| 50 | 4 | 14 | 454 | 156,300 |
| 51 | | 8 | 843 | 115,800 |
| 52 | | 6 | 266 | 85,800 |
| 53 | | 1 | 209 | 69,600 |
| 54 | | 2 | 142 | 47,600 |
| 55 | | 2 | 124 | 42,400 |
| 56 | | | 82 | 29,000 |
| 57 | | | 49 | 18,000 |
| 58 | | 1 | 36 | 12,800 |
| 59 | | | 13 | 4,600 |
| 60 | | | 16 | 5,400 |
| 61 | | | 2 | 600 |
| 62 | | | 1 | 200 |
| 66 | | | 1 | 200 |
| 67 | | | 1 | 200 |
| 68 | | | 1 | 200 |
| טאָטאַל | 8336 | 9845 | 83106 | 22,136,600 |

די דורכשניטליכע עלטער פון דער מיטגלידערשאַפט — 34.5

די דורכשניטליכע עלטער פון די נייע מיטגלידער — 30.4

די דורכשניטליכע עלטער פון די געשטראָכענע מיטגלידער — — — — — — — — — — 32.0

א. ר., באַוויזען צו האָבען מיטינגען מיט אַלע ברענטשעס אין מאַסאַטשוזעטס און אונטער אַ גאַנץ יום-טוב'דיגער שטימונג זיי איינגעפירט אין א. ר. מיר האָבען געלייגט פיל האָפנונגען, אַז די דיסטריקט קאָמיטעט פון מאַסס., וועלכע זיינען איינגעטיילט געוואָרען אין פאָלגענדע 5 טעריטאָריעס: לין, באָסטאָן, ספּרינגפילד, וואָוסטער און בראָקטאָן, וועלען אויפטאָן וואונדערליכע אַרבעט. לײדער קענען מיר נישט געוויסענהאַפט זאָגען, אַז אונזערע ערוואַרטונגען זיינען מקוים געוואָרען, הגם כמעט אַלע

דיסטריקט קאָמיטעס האָבען געטרייעט זייער בעסט צו טאָן אַרבעט, זיינען אָבער די רעזולטאַטען ווייט ניט צופרידענשטעלענד. אגב האָבען זיך איינִיגע דיסטריקט קאָמיטעס גענומען באַטראַכטען אַלס זעלבסטשטענדיגע אינסטיטוציעס. אנשטאָט נאָכפאָלגען די פאָרגעשריבענע פליכטען אין דער קאָנסטיטוציע אונזערער, אַז דיסטריקט קאָמיטעס זיינען אַ טייל פון דער עקזעקוטיוו און דאַרפען זיך בלויז אָפּגעבען מיט אָרגאַניזאַציאָנס-אַרבעט, אַזוי גוט ווי עדיוקיישאָנאַל אַרבעט, האָבען זיי אויסגענוצט זייער צייט און ענערגיע אויף פּאָליטישע סכסוכים, אינדאָרסירט אָפיציעל צייטונגען און אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען נאָך ניט אנערקענט געוואָרען פון אונזערע קאָנווענשאָנס, ווי דאָס איז אַלע מאָל ביי אונז דער פאַל, און דאָס האָט אריינגעברענגט מיספאַרשטענדנישען און מיינונגס-פאַרשידענהייטען ביי די ברענטש-מיטינגען, און אנשטאָט אָפּגעבען זיך מיט עדיוקיישאָנאַל און אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט, איז מערסטענס פון זייער צייט פאַרלוירען געגאַנגען אין רייבונגען און מחלוקות לשם-שמים.

## קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער

גלייכצייטיג מיט די רעליף-קאַמפּיינס האָבען מיר אויך געפירט אַ לעבעדיגען קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער. אמת, אַז דעם יאָר האָבען מיר באַשלאָסען ניט צו געבען קיין פּרעזענטען און אנדערע קאַמפּיין אַטרעקשאָנס, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרען פריערדיגע יאָרען. מיר האָבען געפילט, אַז איצט איז ניט קיין צייט פון אריינגעמען געקינצעלטע מיטגלידער אין'ם אַ. ר. מיר האָבען שריפטליך און מינדליך געפירט אַן אַגיטאַציע צו קריגען אַלע באַוואוסטזיניגע אַרבעטער אין אונזערע רייען, ניט דורך פּויקען און טרומייטען, נאָר אָנצייגענדיג אונזער קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע פּאָזיציע פון איין זייט און די גענעזייטיגע שטיצע פון דער צווייטער זייט.

ווי מיר האָבען פריער אָנגעצייגט, האָבען מיר דאָס געטאָן דורך צושריפטען, ליפלעטס, בוקלעטס, דורך דער פּרעסע, און מערסטענס דורך רופען מאַסענפאַרזאַמלונגען וואו נאָר מיר האָבען געהאַט די מעגליכקייט.

צי דאָס איז אונז געלונגען, בלייבט פאַר אייך צו אורטיילען, שטודירענדיג אונזערע טאַבעלען, רעכענענדיג זיך מיט דער צייט און אומשטענדען.

## שלום-וואָרט

צום שלוס וואָלטען מיר געוואָלט מאַכען עטליכע באַמערקונגען אין באַצוג דעם פאַרלאַנג פון ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס, אַז מען זאָל זיי באַזוכען וואָס אָפטער. מיר וואָלטען זיכער דעם פאַרלאַנג באַוויליגט, ווייל מיר, אפשר מער ווי אירגענד ווער, פאַרשטייען די נויטווענדיגקייט פון באַזוכען די ברענטשעס און אימער זיין אויף דער וואַך און וועקען צו טעטיגקייט; איז אָבער די צרה, וואָס אונזערע פאָנדס דערלויבען אונז דאָס ניט, און אויב די איצטיגע קאָנווענשאָן וועט ניט עפּעס טאָן צו פאַרגרעסערען און פאַרשטאַרקען די כחות פינאַנציעל פון אונזער קאָמ., שרעקען מיר זיך, אַז די נעקסטע אָרג. קאָמ. וועט אויך ניט קענען נאָכקומען די דרינגענדע פאַרלאַנגען פון די ברענטשעס.

מיר שליסען אונזער באַריכט, הגם מיר ווייסען, אַז עס איז אונז ניט געלונגען איבערצוגעבען קיין הונדערט-חלק פון דעם וואָס האָט געדאַרפט איבערגעגעבען ווערען. מיר נעמען זיך אָבער די רעכט צו זאָגען, אַז אונטער די אומשטענדען האָבען מיר געוויסענהאַפט דערפילט אונזער פליכט.

מיר שיקען די דעלעגאַטען און פריינד פון אַ. ר. אונזער באַגריסונג און בעסטע וואונשען. זאָל די קאָנווענשאָן זיין אַן עפּאָכע-שאַפענדע פאַר אַ שיינעם און שטאַרקען אָרדען.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

# באַריכט פון דער נאַצ. אָפיס קאָמיטע

מ. י. ראָזענבלאַט, טשערמאַן
מ. אייבראַמס, מ. מאַנדעל, ג. פריימאַן, י. ראָטהמאַן

צו די דעלעגאַטען פון דער 22-טער יערליכער קאָנווענשאַן און צו אַלע מיטגלידער פון אַרבעטער-רינג:

די אָפיס קאָמיטע איז די יעניגע, וועלכע שטייט אין דעם סאַמע צענטער פון דער אַרבעטער-רינג טעטיגקייט, ווייל זי איז אייגעטליך די, וועלכע האָט דעם קאָנטראָל איבער דעם גאַנצען אָפיס פונ'ם אַ.ר. און דאַרף דורכפירען אין לעבען די באַשלוסען פון אַלע איבעריגע קאָמיטעס. עס פאַרשטייט זיך, אַז וואָס גרעסער דער אַ. ר. וואַקסט, וואָס מער זיין אַקטיוויטעט פאַרשפּרייט זיך, אַלץ מער רופט זיך דאָס אָפּ אויף דער אַקטיוויטעט אין אָפיס גופא, און אַלץ מער פאַראַנטוואָרטליכקייט ליגט אויף דער אָפיס קאָמיטע, וועמעס אויפגאַבע עס איז אָט דעם אָפיס צו פאַרוואַלטען.

## פאַרוואַלטונג פון אָפיס

אונזער אָפיס איז די לעצטע יאָרען אויסגעוואַקסען אין אַ גרויסער מאַשינעריע מיט 27 אָנגעשטעלטע. די רוטינע אַרבעט פון אָפיס מוז שטענדיג דורכגעפירט ווערען מיט דער פּינקטליכקייט, ווי עס פאָדערט זיך פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי דער אַרבעטער-רינג, שוין ניט רעדענדיג פון די גרויסע און מער וויכטיגע אַרבעט, וואָס אונזער אָפיס קומט אוים כמעט טאָג-טעגליך צו טאָן. די אָפיס קאָמיטע איז אימער געשטאַנען אויף דער וואַך און געטאָן אַלעס מעגליכעס צו זען אַז אַלע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען פון די ברענטשעס זאָלען דורכגעפירט ווערען פּינקטליך. עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין פאָלקאָמענהייט עקזיסטירט ניט אין דער וועלט, און צווישען אַזוי פיל בערג בריף און קאָרעספּאָנדענץ, וואָס דער אָפיס פירט אָן מיט די ברענטשעס, איז מעגליך אַז אַ בריף זאָל אַמאָל גיין פאַרלאָרען און דער פאַרלאַנג פון אַ ברענטש זאָל ניט דערפילט ווערען אין צייט. אָבער דאָס זיינען נאָר אויסנאַמען, וועלכע קענען זיך טרעפען אין יעדען בעסט-אָרגאַניזירטען אָפיס. אין אַלגעמיין, אָבער, קענען מיר מיט שטאָלץ באַהויפּטען, אַז די אַרבעט אין אָפיס ווערט געטאָן אַזוי פּינקטליך ווי עס איז מעגליך, און יעדער דעפּאַרטמענט האָט געטאָן דאָס בעסטע דורכצופירען זייער אַרבעט, וועלכע עס ליגט אויף אים לויט די ספּעציעלע באַדינגונגען. דער מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט האָט געטאָן זיין טייל, דער קראַנקען-בענעפיט דעפּאַרטמענט, ניט קוקענדיג אויף דער אינפלוענציע פון דעם יאָר, וואָס האָט פאַראורזאַכט אַזוי פיל קראַנקען-פאַלען, האָט דאָך דורכגעפירט זיין אַרבעט אויף דעם העכסטען צופרידענשטעלענדען וועג, און אַזוי זיינען געוועזען אויך די אַנדערע דעפּאַרטמענטס.

## פאַרבינדונג מיט'ן לייבאָר-ליג און לעגאַליטעט

אויף אונז איז אויסגעפאַלען דער גורל צו פאַרענדיגען די גרויסע און וויכטיגע אַרבעט פון דער פאַראייניגונג מיט'ן לייבאָר-ליג. די דאָזיגע אַרבעט איז געווען אַן אומגעהייער שווערע און קאָמפּליצירטע, ספּעציעל נאָך צוליב דעם וואָס פיל מיטגלידער פון דעם לייבאָר-ליג זיינען אויך געווען מיטגלידער פון אַרבעטער-רינג, און ס'איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע דורכצופירען די קאָמבינאַציעס פון די פאַרשידענע פּאָליסים אין די ביידע אָרדערס. ווי באַוואוסט, האָט דער אַ. ר. לעצטענס איינגעפירט פּאָליסים ביז $1000. די גרופּירונג פון די פּאָליסים איז ווי פאָלגט: $100, $200, $400 און $1000. דעם לייבאָר-ליגס פּאָליסים זיינען באַשטאַנען פון $200 און $400. איצט, ווען איינער איז געווען אַ מיטגליד אין דעם לייבאָר-ליג און אַ מיטגליד אין דעם אַ. ר., און האָט געטראָגען דאָרטען $200 און ביי אונז $400 אינשורענס, האָט דער אָפיס און אַזעלכע פאַלען געדאַרפט זיך שטעלען מיט יעדען מיטגליד אין פאַרבינדונג און אויסגעפינען וויפיל אינשורענס ער וויל טראָגען ווען ער וועט איבערגיין צום אַ. ר. אין דעם לייבאָר-ליג זיינען אויך געווען קלאַסען אָן איינצאָלונגען פון קראַנקען-בענעפיט פאָנד, און עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם אָפיס איז איבערגעבליבען די מיטגלידער פון לייבאָר-ליג פון אָט דעם קלאַס אריינצונעמען אַלס

אַ ספּעציעלען קלאַס אין דעם אַ. ר., ווייל אין אַ. ר. איז אַזאַ קלאַס ניט געווען.

דאָס זיינען אַלץ געווען גייע זאַכען פאַר אונזער אָפּיס, וועלכע מען האָט געמוזט איינפירען אין זייער אַ קורצער צייט. אויסער דעם איז די אַרבעט פון אַריינפירען די רעקאָרדס פון אַרום דריי טויזענט מיטגלידער מיט אַלע פאַרשידענע רעקאָרדס פון די פאַרשידענע בענעפיטס פון לייבאָר-ליג, וואָס זיי האָבען געטראָגען זייענדיג מיטגלידער פון ל. ל., אויך ניט געווען קיין לייכטע זאַך. דערצו דאַרף מען ניט פאַרגעסען, אַז די סיסטעם פון דער אַרבעט אין לייבאָר-ליג איז געווען גאַנץ פאַרשידען פון דער, וועלכע עס וועט אָנגעווענדט אין דעם אַ. ר., ווייל די אַרט און וויזע פון די צאָלונגען זייערע זיינען געווען פאַרשידען ווי אין אַ. ר. דאָ איז ווייטער געווען די אויפגאַבע פון דער אָפּיס קאָמיטע צו שטיין אין אָפּטער און שטענדיגער באַרירונג מיט די געוועזענע סעקרעטאַרען פון די נייע אַ. ר. ברענטשעס אין מאַסאַטשוזעטס און געבען זיי די נייטיגע אינפאָרמאַציע בנוגע די פירונגען פון די ביכער, צאָלונגען, רייטס א. אז. וו. די אָפּיס קאָמיטע האָט געפונען פאַר נייטיג צו רופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע סעקרעטאַרען פון מאַסאַטשוזעטס סטייט, שיקען אַהין דעם טשערמאַן פון דער קאָמיטע, כדי פערזענליך צוזאַמענצורעדען זיך און באַקענען זיי מיט די פאַרשידענע דעטאַלען, מיט וועלכע עס זיינען פאַרבונדען די פירונגען פון אַ ברענטש און זיינע באַציאונגען צום דזשענעראַל אָפּיס.

וואָס אַנבאַלאַנגט די אַרבעט פון לעגאַליטעט, האָט אונזער קאָמיטע דעם יאָר געמאַכט אַפּליקיישאָנס פאַר טשאַרטערס אין איינציגע שטאַטען, אין וועלכע מיר האָבען נאָך ניט קיין ברענטשעס, ווייל ס'איז געווען דער סענטימענט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע צו לעגאַליזירען דעם אַ. ר. אין אַלע שטאַטען, ניט קוקענדיג דערויף, צי מיר וועלען דאַרטען אָנפירען אונזער טעטיגקייט, אָדער ניט.

## חובות פון ברענטשעס צום אָפּיס

די אָפּיס קאָמיטע האָט אויף זיך די אויפגאַבע ניט בלויז צו פאַרוואַלטען דעם אָפּיס און האָבען אויפזיכט איבער די פינאַנסען פון אַ. ר., נאָר איר אויפגאַבע איז אויך צו האָבען אַן אויג אויף די ברענטשעס און אויף זייער פינאַנציעלען צושטאַנד. ווי באַוואוסט, ווערט די ברענטשעס דערלויבט, לויט אונזער קאָנסטיטוציע, צו בלייבען שולדיג ניט מער ווי צען פּראָצענט פון דער סומע וואָס זיי דאַרפען איינצאָלען אַ קוואַרטאַל. צוליב דעם שרעקליכען קריזיס, וועלכער האָט געהערשט איבער'ן לאַנד, און וועמעס רעזולטאַטען עס לאָזען זיך נאָך איצט פילען, זיינען פיל פון אונזערע ברענטשעס געבליבען הינטערשטעליג אין זייערע צאָלונגען און זייערע חובות האָבען באַטראָפען אַ סך מער ווי דער פּראָצענט וואָס ווערט דערלויבט. אויף אונזערע אָנפראַגען און שטרענגע בריף צו די ברענטשעס וועגען דער אַנגעלעגענהייט, האָבען די מערסטע געענטפערט, אַז זייערע גרויסע חובות קומען דערפון, וואָס פיל מיטגלידער זייערע זיינען אַרבעטסלאָז און קענען ניט איינצאָלען זייערע שולדען.

פאַר דער אָפּיס קאָמיטע איז דאָס איינפאַך געווען אַ פּראָבלעם. זיין צו שטרענג מיט די ברענטשעס אין באַצוג צו די צאָלונגען וואָלט געהייסען אויף אַן אינדירעקטען אופן צו שטרייכען מיטגלידער צוליב דעם קריזיס. זיין ווידער צו מילד, וואָלט געמאַכט בלייבען אַן אומגעהייער גרויסען באַלאַנס פון די ברענטשעס, וועלכער איז שוין איינענטליך געווען גאַנץ גרויס אין דער צייט ווען מיר זיינען אַריין אין אַמט. דער איינציגער אויסוועג איז געווען צו באַזוכען אַזוי פיל ברענטשעס וויפיל ס'איז נאָר מעגליך געווען אין ניו-יאָרק און אומגעגענט און דערקלערען זיי די וויכטיגקייט פון ניט אָנקלייבען קיין צו-גרויסען חוב, אום דער ברענטש זאָל פריער אָדער שפּעטער ניט בלייבען פאַרזונקען אין שולדען. אין שטעט, וואו עס איז געווען צו-ווייט צו שיקען קאָמיטעס, פלעגען מיר זיך אין אַזעלכע פאַלען באַנוצען מיט די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס. אונזער אַרבעט אויף דעם געביט און די טאַקטיק, וואָס מיר האָבען אָנגעווענדט, איז געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. נאָכדעם ווי מיר פלעגען באַזוכען די ברענטשעס, האָבען מיר כמעט אין מערסטע פאַלען געקראָגען אַן אָפּקלאַנג, און זיי האָבען נאָכהער איינגעצאָלט אַ טייל פון זייער חוב. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעצייגט, אַז אין פיל פאַלען זיינען מיטגלידער פון אַזעלכע ברענטשעס פּשוט ניט געווען אינפאָרמירט וועגען די חובות וואָס זייערע ברענטשעס זיינען שולדיג צום אָפּיס. ס'איז איינפאַך געווען אַ פאַרנאַכלעסיגקייט מצד די באַאַמטע פון ברענטש, וועלכע האָבען געפירט דעם ברענטש צו דעם צושטאַנד.

רעדענדיג וועגען דער נאַכלעסיגקייט און ניט-פּינקטליכקייט פון די באַאַמטע פון איניגע ברענטשעס, איז ווערט צו דערמאָנען, אַז כמעט יעדען קוואַרטאַל קריגען מיר אין אָפּיס צוגעשיקט טשעקס, דורך וועלכע די ברענטשעס מאַכען זייערע צאָלונגען, און אָט די טשעקס ווערען פון באַנק צוריקגעשיקט, ווייל די ברענטשעס האָבען ניט גענוג געלט, אָדער גאָר קיין געלט ניט אין די באַנק. דאָס שטעלט אוועק אין זייער ניט קיין שיינע ליכט אי דעם דזשענעראַל אָפּיס, אי דעם באַטרעפענדער ברענטש. אָט די דאָזיגע נאַכלעסיגקייט מוז איין מאָל פאַר מאָל אָפּגעשאַפט ווערען אין אונזערע ברענטשעס.

## מעמבערס עט לאַרדזש

עס איז נאַטירליך, אַז אַזאַ ריזיגע אָרגאַניזאַציע [illegible] רע זאָל האָבען היבשע עטליכע הונדערט מיטג[illegible] [illegible] איבער'ן גאַנצען לאַנד, וועלכע באַלאַנגען ניט צו [illegible] [illegible]רענטשעס, נאָר צאָלען זייערע בילס דירעקט צום דזשענ[illegible] אָפּיס. די דאָזיגע טראָגען דעם נאָמען מעמבערס עט לאַרדזש. געוויינטליך ווערט איינער טראַנספערירט אַלס אַ מעמבער עט לאַרדזש, ווען ער פאָרט אוועק אין אַ שטאָט וואו מיר האָבען ניט קיין ברענטשעס, אָדער ווען ער קלייבט זיך איבער אין אַן אַנדער שטאָט און ווייסט ניט באַשטימט אין וועלכען ברענטש זיך צו טראַנספערירען, אָדער ווערט טראַנספערירט אַלס מעמבער עט לאַרדזש פון דזשענעראַל אָפּיס צוליב ספּעציעלע אורזאַכען, — וועגען אַזעלכע איז נאַטירליך ניטאָ וואָס צו רעדען.

די אָפּיס קאָמיטע האָט היינטיגען יאָר אָנגענומען מיטלען צו זען, אַז אַלע מעמבערס עט לאַרדזש, וועלכע געפינען זיך אין שטעט וואו עס זיינען פאַראַן אַ. ר. ברענטשעס, זאָלען זיך טראַנספערירען צו די ברענטשעס. אַ בריף איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו יעדען מעמבער עט לאַרדזש, געבענדיג אים אַ געוויסע צייט ביז ער וועט געפינען אַ פּאַסענדען ברענטש, אין וועלכען ער וויל זיך אַנשליסען, און אויב זיי וועלען נאָך יענער צייט זיך ניט טראַנספערירען, וועט דער אָפּיס אַליין זיי טראַנספערירען אָן זייער צושטימונג.

## טויטען-בענעפיט, וועלכע די רעגירונג האָט צוגענומען

אין דער צייט פון דער מלחמה האָט די רעגירונג פון אונז געפאָדערט, אַז מיר זאָלען זיי איבערגעבען אַלע געלדער פון די טויטען-בענעפיט, וועמעס יורשים עס געפינען זיך אין די לענדער, מיט וועלכע אַמעריקע איז געווען אָפיציעל אין קריג, אָדער אין לענדער, וועלכע זיינען געווען פאַרנומען פון דעם שונא. פאַרשטענדליך, אַז מיר האָבען אויסגעפירט דעם אָרדער פון דער רעגירונג פון וואַשינגטאָן און איבערגעגעבען אַלע געלדער צו דעם רעגירונגס דעפּאַרטמענט, וועלכער איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „איילייען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען". די סומע האָט באַטראָפען אַרום ניין טויזענט דאָלאַר.

מיר האָבען געדענקט, אַז אַזוי שנעל ווי די מלחמה וועט זיך ענדיגען און פרידען וועט געשלאָסען ווערען מיט יענע לענדער, וועלען מיר צוריקקריגען די אַלע געלדער און זיין אימשטאַנד אויסצוצאָלען די טויטען-בענעפיט צו די יורשים, וועלכע געפינען זיך אין די פאַרשידענע טיילען פון אייראָפּע. לײדער האָט זיך אָבער אַנדערש אויסגעל[illegible]זען. דער „איילייען פּראָפּערטי קאַסטאָדיען" איז באַשטאַנען דערויף, אַז די געלדער מוזען בלייבען אין זייער דעפּאַרטמענט, און יעדער יורש באַזונדער דאַרף זיך ווענדען דירעקט צו דער רעגירונג וועגען באַקומען די טויטען-בענעפיט, און אַז דער אַ. ר. האָט מיט די געלדער גאָר ניט וואָס צו טאָן. מיר האָבען געטאָן אַלץ וואָס ס'איז נאָר געווען מעגליך צו זען אַרויסצוקריגען די דאָזיגע געלדער. מיר האָבען געשיקט דעם דזשענעראַל סעקרעטער וועגען דער אַנגעלעגענהייט אין וואַשינגטאָן און זיינען אַפילו געווען גרייט צו געבען באָנדס פאַר דער סומע, כדי צו גאַראַנטירען דער רעגירונג, אַז די געלדער וועלען פון אונז אויטגעצאָלט ווערען צו די נעזעצליכע יורשים. אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען. די אָפּיס קאָמיטע האָט וועגען דער פראַגע עטליכע מאָל געהאַנדעלט, ווייל, ערשטענס, זיינען מיר אין פאַרלויף פון יאָר געקומען אין באַרירונג מיט פיל קרובים פון אָט די יורשים; צווייטענס, ווייל מיר האָבען געוואוסט, אַז אונטער די איצטיגע אומשטענדען, ווען די וואַליוטאַ פון דעם אַמעריקאַנעם דאָלאַר איז אַזוי הויך, וואָלטען עטליכע הונדערט דאָלאַר טויטען-בענעפיט אין פיל פאַלען ניט בלויז געראַטעוועט

נאָר פיליכט געווען א גליק פאר די פאמיליעס פון די פארשטאָרבענע. חוץ דעם, האָבען מיר געפילט, אז עס איז אונזער מאָראַלע פליכט צו טאָן אלץ וואָס ס'איז נאָר אין אונזערע כחות צו העלפען פארזיכערען די אויסצאָלונגען פון אָט די טויטען-בענעפיס.

ווען די צייל̇ען ווערען געשריבען, האָט די אָפיס קאָמיטע ווידער ערווײלט א סאָב-קאָמיטע וועגען דער אנגעלעגענהייט, צו שטעלען זיך ווייטער אין פארבינדונג מיט דעם „אייליען פראָפערטי קאַסטאָדיען“ און זוכען אנדערע וועגען און מיטלען ווי די געלדער ארײנצוקריגען אין אונזער רשות.

## אונזערע פינאַנסען

ניט קוקענדיג אויף די שווערע צייטען, ניט קוקענדיג אויף דעם קריזיס, פון וועלכען אונזערע מיטגלידער אלס ארבעטער האָבען אַם מייסטען געליטען, האָט דער פינאַנציעלער וואקס פון א. ר. געמאַכט א ריזיגען פאָרשריט. די פראַגע וועגען אינוועסטען די אָפגעשפאָרטע געלדער פלעגט אימער זיין א פראָבלעם, מיט וועלכער די אָפיס קאָמיטע האָט זיך אימער באַשעפטיגט. דער אינוועסטמענט דארף זיין, ערשטענס, א זיכערער און, צווייטענס, דארף מען זען, אז די געלדער זאָלען אריינברענגען וואָס מער איינקונפט. אָט דיביידע זאכען גייען ניט אימער צוזאמען, און איינער ליידט אויף דעם חשבון פון דעם צווייטען: ווען דער אינוועסטמענט איז א זיכערער, איז מאַנכעס מאָל דער איינקונפט א קלענערער, און פארקערט.

מיר קענען אָבער ערענהאַפט באַהויפטען, אז אלע אונזערע אינוועסטמענטס פון דעם יאָר זיינען געמאַכט געוואָרען אויף דעם עקאָנאָמישסטען און פארניפטיגסטען אופן.

אין פארלויף פון אונזער אדמיניסטראַציע, האָבען מיר אינוועסטעט דריי הונדערט און ניינציג טויזענט דאָלאר אין באָנדס, 106 טויזענט דאָלאר אין גאַראַנטירטע ערשטע מאָרגעדזשעס. פון לייבאָר-ליג האָבען מיר איבערגענומען באָנדס אין דער ווערט פון $17,500 און איבער 16 טויזענט דאָלאר אין קעש. דער דורכשניטליכער איינקונפט פון אלע אונזערע אינוועסטמענטס פון היינטיגען יאָר איז געווען אריבער פינף פראָצענט.

פאָלגענד איז די טאַבעלע פון אינוועסטמענטס פאר דעם יאָר 1921:

| שטאָדט | נאָמינאַלע ווערט | בעצאָלט | אינטערעסט | ענדיגט זיך אין יאָר |
|---|---|---|---|---|
| ניו־יאָרק סיטי — | $ 40,000 | $ 36,212.00 | 4½% | 1963 |
| דאָמיניאָן אָף קענעדע — — | 10,000 | 9,090.00 | 5½% | 1929 |
| פאַראייניגטע שטאַטען 3טע ליב. לאָאן | 135,000 | 124,718.65 | 4¼% | 1128 |
| בריטיש קאָלומביא | 45,000 | 43,425.00 | 6% | 1926 |
| סיטי אָף וויקטאָריא — | 50,000 | 45,121.22 | 4½% | 1926 |
| סיטי אָף סאַן פראַנציסקא | 27,000 | 25,789.08 | 4½% | 1925 |
| סיאַטעל סקול דיסטריקט— — | 83,000 | 83,961.25 | 6% | 1943 |
| סילווער באו קאונטי מאָנטאַנא | 25,000 | 27,129.93 | 6% | 1938 |
| סיטי אָף דעטראָיט | 25,000 | 25,967.25 | 5% | 1934 |
| טאָטאל באָנדס — | $390,000 | $371,414.88 | | |
| מאָרטגיידזשעס — | 56,000 | 56,000.00 | | |
| גרענד טאָטאל — | $446,000 | $427,414.88 | | |

פון דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, ווי אויך פון דזשענעראַל סעקרעטער, . באַסקין. וועט איר זען, אז אונזער פארמעגען איז היינטיגען יאָר פארגרעסערט געוואָרען אויף 500,000 דאָלאַר. עס איז דערביי אויך ווערט צו דערמאָנען, אז מיר קריגען פון אונזערע געלדער אריין א יערליכען איינקונפט פון אומגעפער 63,000 דאָלאַר.

## אדמיניסטריישאָן פאָנד

וויפיל דער א. ר. איז פאר די לעצטע יאָרען געוואַקסען אין מיטגלידערשאַפט און אין פינאַנסען, איז אָבער דאָך דער אָפיס סטעף פארלויפיג ניט פיל פארגרעסערט געוואָרען, אָבער פאר די לעצטע עטליכע יאָר, ווען די שכירות איז כמעט פארטאָפּעלט געוואָרען, ווען די לעגאַלע ארבעט האָט פארשלונגען שווערע טויזענטער דאָלאר, און פּרינטינג, דרוק-מאַטעריאַלען זיינען אויך פארטאָפּעלט געוואָרען אין די לעצטע יאָרען, איז אָבער די צאָלונג פאר דעם אדמיניסטריישאָן פאָנד אין פארגלייך מיט די פארגרעסערטע אויסגאַבען ניט פיל געהעכערט געוואָרען. ס'איז דארום פארשטענדליך, אז דער אדמיניסטריישאָן פאָנד זאָל האָבען יעדען יאָר דעפיציטען.

פון דער טאַבעלע וועגען די פארוואלטונגס־אויסגאַבען, וואָס איר וועט געפינען אין גענ. סעק. רעפּאָרט, וועט איר קריגען א באַגריף וועגען דער פארגרעסערונג פון די פארוואלטונגס־אויסגאַבען אין די לעצטע דריי יאָר.

אום פטור צו ווערען פון די דעפיציטען פון דעם אדמיניסטריישאָן פאָנד, פלעגט די עקזעקוטיוו יעדען יאָר זיין נעצוואונגען צו באַשטימען א ספּעציעלען אסעסמענט. פאר דער אָפיס קאָמיטע, וועלכע איז די פארוואלטערין פון דעם דאָזיגען פאָנד, איז אלץ מער און מער געוואָרען קלאָר, אז לאָזען אזוי ווייטער גיין איז ניט נאָר אומנאַטירליך, נאָר פשוט אוממעגליך. אויף דער רעקאָמענדאַציע פון אונזער דזשענעראַל סעקרעטער, וועלכער האָט זיך פריער באַראַטען מיט אונזער ליגעל אדווייזער, ווי אויך מיט אונזער עקטשוערי, האָבען מיר אנגענומען דעם פאָרשלאַג, אז דער דעפיציט אין דעם אדמיניסטריישאָן פאָנד זאָל פאר דעם נעקסטען יאָר גערעקט ווערען פון דעם איין פראָצענט איינטריטס-געלט פון די נייע מיטגלידער. דער איין פראָצענט, ווי באַוואוסט, איז געשאַפען געוואָרען אום צו פארזיכערען דעם רעזערוו פאָנד. יעצט אָבער, ווען דער רעזערוו פאָנד איז גאַראַנטירט און געזיכערט דורך די צאָלונגען פון די פּראָטווירנאַל רייטס, איז קיין געפאר ניטאָ, אז אויף א באַשטימטער צייט זאָל די איינצאָלונג פון איין פראָצענט אנגעווענדט ווערען אויף אנדערע צוועקען. און דער נייטיגסטער צוועק ביי דעם מאָמענט איז אָפּצואווישען דעם דעפיציט פון דעם אדמיניסטריישאָן פאָנד, ווייל וועגען ספּעשעל אסעסמענטס קען איצט קיין רייד ניט זיין, נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די שווערע באַדינגונגען, אונטער וועלכע דער ארבעטער־קלאַס לעבט איצט.

די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט גוטגעהייסען אָט די רעקאָמענדאַציע וועלכע מיר האָפען, אז די דעלעגאַטען און די ברייטע מיטגלידערשאַפט וועלען אויך אָננעמען.

עס פארשטייט זיך, אז אויב די רעקאָמענדאַציע וועט אָנגענומען ווערען און די איינצאָלונג פון איין פראָצענט וועט אריינברענגען די סומע מער ווי דער דעפיציט פון אדמיניסטריישאָן פאָנד באַטרעפט, וועט דער איבעריגער טייל גיין אויף צו דעקען די דעפיציטען פון די אנדערע פאָנדס.

## האָום אָפיס

די פראַגע וועגען האָבען אן אייגענע היים פאר'ן דזשענעראַל אָפיס שטייט שוין עטליכע יאָר ביי אונז אויפ'ן טאָגאָרדענונג, און זי איז נאָך אלץ ניט געלייזט געוואָרען. צו דער קאָנווענשאָן פון לעצטען יאָר איז שוין רעפּאָרטעט געוואָרען, אז א דאַנק דעם וואוקס פון א. ר., איז אונזער אָפיס געוואָרען צו ענג, אזוי אז עס איז אָפטמאָל שווער צו טאָן די נייטיגע ארבעט אויף א געהעריגען וועג. דער בעסטער אויסוועג און די איינציגע לאָזונג פון דער פראַגע וואָלט געווען צו שאַפען א האָום-אָפיס פאר'ן א. ר.

אין פארלויף פון יאָר האָט די אָפיס קאָמיטע זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט פארשידענע ריעל-עסטייט לייט וועגען קריגען א פאַסענדען פלאַץ פאר א האָום-אָפיס, אָבער ליידער איז נאָך ביז איצט די פראַגע ניט געלייזט געוואָרען צוליב טעכנישע אורזאַכען. מיר וואָלטען רעקאָמענדירען, אז די קאָנווענשאָן זאָל איין מאָל פאר אלע מאָל נעמען א פעסטע און באַשטימטע שטעלונג אין באַצוג צו דער פראַגע און אינסטרואירען, אז די קומענדע נאַצ. עקזעקוטיווע קאָמיטע זאָל אָנגעמען אלע מיטלען צו זען קריגען א פאַסענדע היים פאר'ן דזשענעראַל אָפיס.

## אָדיטינג דעפּאַרטמענט

אז דער אָדיטינג דעפּאַרטמענט איז געוואָרען א וויכטיגער טייל פון אונזער אָפיס ארבעט, וועגען דעם קען קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. די ברענטשעס אונזערע, וועלכע שיקען זייערע ביכער אין אָדיטינג דעפּאַרטמענט, הייבען אלץ מער און מער אָן איינצוזען די וויכטיגקייט פון אָט דער אָפּטיילונג און זיי שיקען נאָכהער רעגעלמעסיג זייערע ביכער צו אונטערזוכען. ליידער

# רעפּאָרט פון אוידיטינג דעפּאַרטמענט

פון מערץ 1921 ביז מערץ 1922. אונטערזוכטע געוואָרען פאָלגענדע ברענטשעס:

| בר. | מיטגל. | קוואַר. | הכנסות | הוצאות |
|---|---|---|---|---|
| 1 | 437 | — | — | — |
| 2 | 568 | — | — | — |
| 3 | 631 | 2 | 8,494.02 | 5,864.29 |
| 4 | 552 | 2 | 5,642.77 | 5,354.26 |
| 3 | 633 | 2 | 7,955.63 | 5,517.65 |
| 6 | 828 | 3 | 3,639.35 | 3,191.47 |
| 7 | 258 | 2 | 4,953.31 | 2,887.29 |
| 9 | 268 | 3 | 4,711.92 | 4,707.90 |
| 11 | 376 | 4 | 7,724.96 | 7,652.06 |
| 11 | 380 | 2 | 4,531.53 | 4,261.15 |
| 12 | 702 | — | — | — |
| 13 | 254 | •2 | 2,476.26 | 1,822.27 |
| 16 | 118 | 2 | 1,435.99 | 1,205.10 |
| 16 | 120 | 1 | 904.99 | 550.36 |
| 18 | 112 | 4 | 3,554.40 | 2,693.59 |
| 21 | 78 | 2 | 826.92 | 695.95 |
| 23 | 389 | 2 | 4,387.99 | 3,797.68 |
| 24 | — | 2 | 5,666.49 | 4,706.53 |
| 24 | 550 | 2 | 6,337.60 | 6,084.73 |
| 25 | 550 | 2 | 6,337.60 | 6,085.73 |
| 26 | 104 | 13 | 7,194.09 | 6,686.44 |
| 31 | 39 | 3 | 1,621.62 | 1,310.90 |
| 32 | 273 | 2 | 8,144.33 | 2,944.32 |
| 35 | 104 | 4 | 2,219.25 | 1,949.64 |
| 36 | 141 | 3 | 2,207.76 | 1,989.80 |
| 40 | 120 | 3 | 2,145.06 | 2,074.03 |
| 45 | — | 4 | 16,467.41 | 16,162.95 |
| 47 | 199 | 2 | 1,896.74 | 1,930.81 |
| 48 | 215 | 2 | 2,588.07 | 1,725.71 |
| 49 | 249 | 8 | 7,567.82 | 7,001.54 |
| 53 | 222 | 2 | 2,858.50 | 2,505.10 |
| 53 | 233 | 2 | 2,723.15 | 2,432.97 |
| 54 | 199 | 5 | 4,842.59 | 4,631.10 |
| 56 | 82 | 4 | 1,957.10 | 1,933.28 |
| 63 | 146 | 5 | 3,553.35 | 2,825.78 |
| 64 | 269 | 2 | 5,371.08 | 3,948.03 |
| 64 | 269 | 2 | 5,371.08 | 3,948.03 |
| 64 | 270 | 3 | 6,567.60 | 6,279.52 |
| 65 | 156 | 2 | 2,707.73 | 1,660.80 |
| 66 | 152 | 5 | 4,055.98 | 3,427.26 |
| 68 | 118 | 2 | 3,571.75 | 3,235.01 |
| 67 | 293 | 7 | 10,067.91 | 9,598.59 |
| 69 | 196 | 3 | 2,788.65 | 2,702.05 |
| 70 | 242 | 4 | 4,952.19 | 4,348.96 |
| 72 | 346 | 4 | 7,716.98 | 6,155.53 |
| 74 | 264 | 7 | 8,886.74 | 8,438.89 |
| 75 | — | 2 | 5,500.64 | 5,296.83 |
| 77 | 129 | 2 | 1,578.19 | 1,313.00 |
| 79 | 431 | 2 | 11,685.28 | 11,350.90 |
| 81 | 274 | 2 | 2,125.18 | 1,985.09 |
| 82 | 199 | 4 | 4,752.78 | 4,350.46 |
| 83 | 285 | 2 | 4,073.27 | 3,284.70 |
| 84 | 113 | 3 | 2,219.55 | 1,745.09 |
| 85 | 131 | 4 | 3,362.36 | 2,792.03 |
| 86 | 217 | 2 | 4,859.10 | 4,558.30 |
| 88 | 503 | 2 | 8,421.47 | 8,084.53 |
| 89 | 82 | 2 | 1,027.63 | 848.95 |
| 90 | 338 | 2 | 3,708.31 | 3,348.97 |
| 92 | 437 | — | — | — |
| 95 | 80 | 4 | 2,839.59 | 2,563.98 |
| 95 | 77 | — | — | — |
| 98 | 199 | 4 | 3,752.16 | 3,684.20 |
| 100 | 326 | 4 | 7,925.67 | 7,265.12 |
| 100 | 335 | 4 | 8,198.33 | 6,942.18 |
| 104 | 36 | 5 | 928.14 | 894.05 |
| 105 | 64 | 6 | 1,463.36 | 1,478.15 |
| 106 | 167 | 4 | 3,205.96 | 2,967.46 |
| 109 | 64 | 4 | 1,965.39 | 1,391.63 |
| 110 | 187 | 3 | 2,829.32 | 2,589.18 |
| 111 | 83 | 2 | 1,185.64 | 920.16 |
| 112 | 134 | 4 | 5,967.93 | 5,186.35 |
| 113 | 140 | 2 | 1,788.64 | 1,732.96 |
| 115 | 207 | — | — | — |
| 118 | 130 | 4 | 2,775.18 | 2,505.73 |
| 119 | 45 | 2 | 568.46 | 552.81 |
| 121 | 362 | 3 | 5,163.12 | 4,533.33 |
| 122 | 85 | 3 | 1,239.93 | 1,184.18 |
| 127 | 305 | 2 | 3,944.10 | 3,727.34 |
| 135 | 144 | 3 | 2,227.10 | 2,147.62 |
| 138 | 263 | 9 | 8,510.10 | 8,177.78 |
| 146 | 206 | 3 | 3,162.01 | 2,463.88 |
| 148 | 102 | 5 | 3,818.79 | 2,947.38 |
| 151 | 226 | 4 | 5,339.15 | 5,003.93 |
| [illegible] | [illegible] | 4 | [illegible] | 2,002.33 |
| 156 | 376 | 2 | 4,892.93 | 4,993.75 |
| [illegible] | [illegible] | [illegible] | 1,425.05 | 1,319.92 |
| 160 | 63 | 6 | 1,754.89 | 1,715.56 |
| 163 | 94 | 3 | 2,373.58 | 2,206.58 |
| 165 | 158 | 6 | 5,134.20 | 4,590.54 |
| 166 | 162 | 3 | 2,280.71 | 2,226.99 |
| 175 | 108 | 3 | 2,093.57 | 1,491.92 |
| 178 | 186 | 3 | 2,624.60 | 2,708.94 |
| 180 | 152 | 5 | 3,386.50 | 2,952.62 |
| 185 | 139 | 2 | 2,161.14 | 2,056.87 |
| 188 | 105 | — | — | — |

| בר. | מיטגל. | קוואַר. | הכנסות | הוצאות |
|---|---|---|---|---|
| 193 | 176 | 6 | 5,452.19 | 5,164.18 |
| 197 | 66 | 2 | 1,655.75 | 1,302.55 |
| 198 | 218 | — | — | — |
| 200 | 173 | 4 | 3,874.01 | 3,512.87 |
| 200 | 173 | 1 | 1,204.90 | 244.05 |
| 201 | 271 | 3 | 3,963.10 | 3,820.50 |
| 201 | 263 | 3 | 4,179.45 | 3,976.77 |
| 202 | 35 | 6 | 1,025.31 | 971.00 |
| 204 | 243 | 5 | 7,972.74 | 7,404.65 |
| 204 | — | 1 | 1,758.41 | 1,507.40 |
| 213 | 88 | 2 | 895.24 | 811.50 |
| 214 | 125 | 6 | 5,559.08 | 5,319.94 |
| 214 | 126 | 2 | 1,840.29 | 1,474.73 |
| 215 | 312 | 2 | 3,749.84 | 3,013.49 |
| 215 | 293 | 2 | 3,772.88 | 3,462.93 |
| 216 | 297 | — | — | — |
| 216 | 297 | 3 | 5,887.91 | 4,536.34 |
| 225 | — | 2 | 7,183.56 | 6,305.67 |
| 225 | 567 | 2 | 7,768.20 | 7,573.95 |
| 229 | 94 | 2 | 1,127.16 | 827.40 |
| 229 | 97 | 2 | 1,753.70 | 1,178.19 |
| 230 | 73 | 2 | 1,535.04 | 615.20 |
| 231 | 293 | 5 | 7,714.33 | 7,474.03 |
| 231 | 287 | 2 | 3,542.00 | 2,642.35 |
| 234 | — | 4 | 2,717.44 | 2,696.61 |
| 239 | 50 | — | — | — |
| 240 | 448 | 2 | 8,657.38 | 3,592.03 |
| 241 | 127 | 3 | 2,514.36 | 1,855.07 |
| 245 | 273 | 2 | 4,728.43 | 3,632.53 |
| 245 | 287 | 3 | 6,021.12 | 5,147.43 |
| 247 | 140 | 4 | 2,203.05 | 2,173.71 |
| 250 | 219 | — | — | — |
| 253 | 151 | 2 | 1,904.84 | 1,489.10 |
| 253 | 156 | 1 | 798.98 | 677.43 |
| 254 | 158 | 2 | 2,462.24 | 2,270.68 |
| 255 | 118 | 8 | 2,637.55 | 2,475.71 |
| 256 | 320 | 11 | 14,041.83 | 14,095.09 |
| 257 | 21 | 3 | 309.87 | 342.44 |
| 259 | 142 | 2 | 1,713.42 | 1,597.42 |
| 261 | — | 2 | 2,341.53 | 1,859.02 |
| 262 | 89 | 2 | 1,114.82 | 837.54 |
| 262 | 87 | 2 | 1,293.91 | 1,175.51 |
| 264 | 128 | 2 | 1,218.34 | 1,185.77 |
| 265 | 100 | 8 | 3,751.32 | 3,724.42 |
| 268 | 163 | 2 | 2,194.90 | 1,767.25 |
| 271 | 241 | 10 | 13,210.78 | 12,130.93 |
| 271 | 241 | 10 | 13,210.78 | 12,130.93 |
| 277 | 357 | 2 | 4,711.50 | 4,424.85 |
| 277 | 357 | 2 | 4,711.50 | 4,424.85 |
| 280 | 305 | 2 | 4,256.70 | 3,489.43 |
| 281 | 86 | 4 | 1,125.44 | 1,254.54 |
| 285 | 74 | 3 | 1,371.93 | 1,202.45 |
| 286 | 322 | 2 | 5,198.87 | 4,761.95 |
| 286 | — | 1 | 2,271.43 | 1,915.59 |
| 295 | 215 | 2 | 2,668.23 | 2,513.90 |
| 298 | 50 | 4 | 1,063.23 | 1,001.44 |
| 300 | 221 | 2 | 3,209.03 | 2,346.78 |
| 301 | 238 | 2 | 4,027.41 | 3,500.01 |
| 305 | 342 | 4 | 5,848.72 | 5,534.63 |
| 310 | 86 | 5 | 1,765.77 | 1,693.83 |
| 311 | 62 | — | — | — |
| 312 | 137 | 3 | 2 243.68 | 1,895.02 |
| 315 | 272 | 3 | 5,125.68 | 4,720.68 |
| 319 | 88 | 9 | 4,157.20 | 4,006.46 |
| 323 | 76 | 3 | 1,287.79 | 834.18 |
| 329 | 50 | 6 | 1,326.23 | 1,282.75 |
| 330 | — | 3 | 2,877.38 | 2,544.42 |
| 333 | 189 | 1 | 1,519.06 | 1,068.09 |
| 335 | 91 | 2 | 1,775.70 | 1,221.88 |
| 336 | 101 | — | — | — |
| 337 | 217 | 6 | 7,601.82 | 7,229.82 |
| 337 | 218 | 12 | 15,506.23 | 14,380.33 |
| 340 | 121 | 2 | 1,081.57 | 1,063.67 |
| 344 | 65 | 4 | 1,773.94 | 1,336.02 |
| 349 | 142 | 3 | 1,377.75 | 1,177.69 |
| 353 | 95 | — | — | — |
| 355 | 115 | 2 | 1,798.40 | 1,253.17 |
| 355 | 105 | 3 | 2,852.90 | 2,492.89 |
| 365 | 50 | — | — | — |
| 365 | 44 | — | — | — |
| 366 | 91 | 3 | 2,152.23 | 1,489.12 |
| 366 | 99 | 4 | 2,547.20 | 2,295.59 |
| 368 | 107 | — | — | — |
| 369 | 122 | 2 | 1,643.93 | 1,428.31 |
| 371 | 111 | 2 | 856.26 | 843.39 |
| 375 | 179 | 2 | 5,019.51 | 1,986.33 |
| 375 | 194 | 2 | 5,087.31 | 1,914.93 |
| 382 | 95 | 2 | 1,271.94 | 1,238.07 |
| 385 | 84 | 3 | 1,652.60 | 1,608.76 |
| 386 | 207 | 4 | 4,727.09 | 4,377.00 |
| 389 | 147 | 2 | 2,022.15 | 1,528.75 |
| 380 | 155 | 2 | 2,143.33 | 1,414.92 |
| 391 | 121 | 2 | 1,474.13 | 1,415.51 |
| 392 | 218 | 3 | 3,233.81 | 3,116.12 |
| 396 | 101 | 2 | 1,329.33 | 1,155.22 |

| בר. | מיטגל. | קוואַר. | הכנסות | הוצאות |
|---|---|---|---|---|
| 397 | 77 | 4 | 1,570.03 | 1,484.90 |
| 399 | 95 | 3 | 1,690.35 | 1,492.25 |
| 402 | — | 1 | 939.11 | 609.15 |
| 402 | 110 | 3 | 1,739.34 | 1,576.69 |
| 405 | 103 | 4 | 2,982.22 | 2,571.26 |
| 410 | 131 | 2 | 2,742.34 | 1,380.16 |
| 413 | — | 3 | 269.52 | 201.56 |
| 415 | 58 | 10 | 5,043.14 | 5,582.37 |
| 417 | 164 | — | — | — |
| 417 | 172 | 2 | 2,254.55 | 2,007.94 |
| 419 | 117 | 2 | 1,307.63 | 1,249.80 |
| 428 | 48 | 4 | 2,141.11 | 2,054.60 |
| 430 | 157 | 6 | 2,640.25 | 2,603.78 |
| 439 | 87 | 6 | 2,469.10 | 2,163.43 |
| [illegible] | 103 | — | — | — |
| [illegible] | 77 | 3 | 1,826.84 | 1,616.12 |
| [illegible] | 329 | 5 | 8,104.38 | 7,620.46 |
| [illegible] | [illegible] | 2 | 3,102.33 | 3,026.45 |
| [illegible] | [illegible] | 18 | 10,877.43 | 10,659.13 |
| [illegible] | [illegible] | 1 | 409.50 | 396.29 |
| [illegible] | [illegible] | 3 | 1,054.57 | 919.28 |
| 464 | [illegible] | — | — | — |
| 465 | [illegible] | [illegible] | 1,354.34 | 1,013.03 |
| 467 | [illegible] | [illegible] | 9,976.72 | 9,866.07 |
| 468 | [illegible] | [illegible] | 385.86 | 352.07 |
| 471 | 136 | 2 | 1,802.06 | 1,689.62 |
| 477 | 23 | 4 | 777.50 | 680.25 |
| 481 | 138 | 2 | 1,563.49 | 1,324.70 |
| 482 | 31 | 4 | 664.44 | 638.17 |
| 484 | 127 | 4 | 2,437.40 | 1,844.34 |
| 486 | 155 | 5 | 4,890.03 | 4,701.14 |
| 498 | — | 8 | 5,284.03 | 4,762.22 |
| 499 | 37 | 6 | 1,323.22 | 1,000.09 |
| 502 | 75 | 6 | 2,383.23 | 2,317.15 |
| 508 | 73 | 1 | 678.76 | 553.24 |
| 508 | 71 | 2 | 848.96 | 704.45 |
| 512 | 85 | 2 | 1,228.62 | 1,083.14 |
| 517 | 78 | 2 | 790.71 | 762.33 |
| 527 | 83 | 4 | 1,580.04 | 1,577.92 |
| 530 | 57 | 2 | 868.77 | 804.93 |
| 530 | 56 | 2 | 1,001.41 | 922.04 |
| 532 | 50 | 9 | 2,090.63 | 2,076.61 |
| 534 | 86 | 2 | 890.99 | 788.61 |
| 536 | 76 | 3 | 1,535.64 | 1,316.00 |
| 540 | 98 | 2 | 1,009.86 | 869.17 |
| 541 | 108 | — | — | — |
| 541 | 106 | 8 | 1,960.11 | 1,686.65 |
| 545 | 105 | — | — | — |
| 546 | 28 | 1 | 376.66 | 273.95 |
| 546 | 33 | 1 | 300.10 | 180.11 |
| 547 | 130 | 2 | 2,069.39 | 1,395.11 |
| 548 | 247 | 2 | 3,450.48 | 3,345.85 |
| 548 | 274 | 2 | 4,197.82 | 4,059.01 |
| 552 | 84 | 2 | 1,254.55 | 1,046.66 |
| 554 | 78 | 4 | 1,528.89 | 1,438.29 |
| 544 | 86 | 3 | 1,698.70 | 1,467.12 |
| 555 | 49 | 3 | 874.77 | 451.12 |
| 560 | 92 | 2 | 1,067.83 | 998.79 |
| 561 | 38 | 4 | 913.29 | 838.62 |
| 561 | 38 | — | — | — |
| 566 | 146 | — | — | — |
| 573 | 93 | 2 | 946.92 | 946.57 |
| 575 | 182 | 18 | 9,339.90 | 8,971.70 |
| 575 | 182 | 18 | 9,339.90 | 8,971.70 |
| 576 | — | 2 | 1,233.83 | 1,178.75 |
| 579 | 61 | 4 | 2,085.78 | 2,042.96 |
| 586 | 83 | 3 | 2,013.39 | 1,814.96 |
| 586 | 81 | 2 | 1,633.90 | 1,337.61 |
| 590 | — | 4 | 1,121.94 | 1,195.57 |
| 600 | 217 | 5 | 9,734.02 | 9,034.53 |
| 607 | 45 | — | — | — |
| 608 | 91 | — | — | — |
| 613 | 66 | 3 | 1,977.26 | 963.93 |
| 615 | 96 | 2 | 5,099.15 | 5,189.10 |
| 617 | — | 3 | 724.73 | 493.78 |
| 618 | 120 | 2 | 1,771.80 | 1,332.75 |
| 622 | 40 | 4 | — | — |
| 624 | 42 | 3 | 683.92 | 626.44 |
| 625 | 40 | — | — | — |
| 630 | 54 | 4 | 1,548.59 | 1,423.23 |
| 631 | 21 | 6 | 734.64 | 624.97 |
| 633 | 37 | 4 | 908.81 | 917.30 |
| 635 | 46 | 4 | 1,250.25 | 1,063.07 |
| 639 | 48 | 4 | 1,457.01 | 1,298.55 |
| 640 | 49 | 1 | 332.66 | 169.50 |
| 641 | 43 | — | — | — |
| 642 | 16 | 2 | 263.33 | 189.04 |
| 646 | 30 | 4 | 1,174.18 | 1,122.40 |
| 646 | 39 | 6 | 1,513.01 | 1,439.53 |
| 647 | 91 | 2 | 1,258.29 | 976.68 |
| 655 | 86 | 2 | 945.98 | 919.37 |
| 667 | 31 | 3 | 689.24 | 605.81 |
| 725 | — | 2 | — | — |
| 284 | 42556 | 866 | 803,632.80 | 715,035.05 |

## פערגלייכונגס טאבעלע

| | ברענטש | קוואַרט. | מיטגליד. | הכנסות | הוצאות | באַלאַנס |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1918 | 176 | 463 | 23,131 | $253,068.37 | $213,307.16 | $3,760.21 |
| 1919 | 251 | 718 | 33,877 | 439,678.57 | 380,686.74 | 58,991.83 |
| 1920 | 282 | 865 | 41,230 | 663,767.97 | 580,466.10 | 83,301.87 |
| 1921 | 284 | 866 | 42,556 | 803,632.89 | 715,035.05 | 88,597.84 |

זיינען אבער דא א געוויסע צאָל ברענטשעס, וועלכע באַגרייפען נאָך ניט די נויטווענדיגקייט פון דעם, אז ברענטש-ביכער זאָלען אונטערזוכט ווערען פון קאָמפּעטענטע מענשען, וועלכע זיינען אין א לאַגע נים נאָר צו אונטערזוכען די פינאַנציעלע זייט פון ברענטש, נאָר אויך צו פארגלייכען די רעקאָרדס פון ברענטש מיט די רעקאָרדס פון דזשענעראל אָפּיס און זען אויב אַלץ שטימט און אויב אַלץ איז קאָרעקט. צום באַדויערען צייגט זיך מאַנכעס מאָל ארויס, אז באַאַמטע אַנטזאַגען זיך צו שיקען ביכער אין אָפּיס, טוענדיג דאָס אויף זייער אייגענעם חשבון, אין דער צייט ווען גראָד די אַלגעמיינע פירונגען פון זייער ברענטש זיינען ניט גלענצענד.

כדי צו פארהיטען דעם ברענטש פינאַנציעל און אויסמיידען אין פאָראויס מיספארשטענדניסען, וועלכע קענען צוליב נאַכלעסינקייט פון די באַאַמטע אַמאָל ארויסקומען, האָט די אָפּיס קאָמיטע באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן, אַז די עקזעקוטיוו זאָל האָבען דאָס רעכט צו פאָדערען פון א ברענטש די ביכער צום אָדיטינג דעפּאַרטמענט צו אונטערזוכען. אין פאַל דער ברענטש וועט זיך אַנטזאָגען צו שיקען די ביכער, זאָל די עקזעקוטיוו האָבען די אויטאָריטעט צו נעמען נעזעצליכע שריטע נעגען ברענטש. (זע טאַבעלע פון אוידיטינג דעפּאַרטמענט.)

## פארשידענע אויסבעסערונגען און אויפטואונגען

מיט דער פארגרעסערונג פון א. ר., ווערט די ארבעט פון דזשענעראל אָפּיס מער קאָמפּליצירט און עס איז די פליכט פון דער אָפּיס קאָמיטע צוצופּאַסען די ארבעט צו די נייע פאָדערונגען און באַדינגונגען. אויסבעסערונגען ווערען געמאַכט, קען מען זאָגען, יעדען קוואַרטאַל, זאָגאַר יעדען מאָנאַט.

עטליכע אויסבעסערונגען זיינען אין פארלויף פון יאָר געמאַכט געוואָרען ווי פאָלגט: די בילס צו די ברענטשעס זיינען אויסגעארבעט געוואָרען איינפאַכער ווי פריער און זיי העלפען אויף אַזאַ אופן שפּאָרען ארבעט דעם אָפּיס און די באַאַמטע פון די ברענטשעס צו אָריענטירען זיך אין זייערע פינאַנציעלע באַציאונגען צום דזשענעראל אָפּיס.

רייט-קאַרדס ווערען געשיקט אין ענגליש און אידיש; דאָס זעלבע מיט צירקולאַר-בריף צו די ברענטשעס, ווייל מיר האָבען איצט א געוויסע צאָל ברענטשעס, וועלכע באַשטייען פון ענגליש-שפּרעכענדע עלעמענטען און פאַר זיי איז ענגליש מער צוגענגליך; אין אָנפאַנג פון יעדען קוואַרטאַל אַדווערטייזט דער אָפּיס די נעמען פון יענע מיטגלידער, וועמעס רעדזשיסטרירטע בריף עס ווערען פון פּאָסט-אָפּיס צוריקגעשיקט, און די דאָזיגע מיטגלידער ווייסען ניט אַז זיי זיינען געשטראָכען געוואָרען.

אום צו פארזיכערען אַז אונזערע קראַנקע מיטגלידער, וועלכע דאַרפען אריינקומען אין אונזער סאַניטאַריום אַלס פּאַציענטען, זאָלען ניט האָבען קיין שוועריגקייטען ביים אריינקומען אין די פאַראייניגטע שטאַטען און ביים צוריקפאָרען, האָט די אָפּיס קאָמיטע צוגעשטעלט א ספּעציעלען באָנד צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג אַלס גאַראַנטיע, אַז די דאָזיגע מיטגלידער וועלען ניט פאַלען קיין לאַסט אויף דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט.

דאָס איז דורכגעפירט געוואָרען נאָכדעם ווי אונזער דזשענעראל סעקרעטער האָט געהאַט א פּערזענליכען געשפּרעך מיט דעם סעקרעטערי אָוו לייבאָר אין וואַשינגטאָן; מיר האָבען אויך פארזיכערט ביי א געוויסער באָנד קאָמפּאַניע אונזערע טשעקס געגען יעדער מעגליכער פעלשונג.

### שלום

מיר האָבען אָנגערייטעט אין אַלגעמיינע שטריכען די טעטינקייט פון דעם פארגאַנגענעם יאָר פון דער אָפּיס קאָמיטע, ניט אריינגייענדיג אין אַלע איינצעלהייטען. מיר האָבען געטאָן דאָס בעסטע אויף וויפיל ס'איז געווען מעגליך אין אונזערע קרעפטען צו דערפילען די פליכטען און די פאַראַנטוואָרטליכקייט, וועלכע די ברייטע מיטגלידערשאַפט האָט אויף אונז ארויפגעלייגט. מיר גלויבען, אַז אונזער ארבעט איז געווען ערפאָלגרייך עס פארשטייט זיך, אַז אין אונזער ערפאָלג האָבען מיטגעווירקט אונזערע באַאַמטע, דער דזשענעראל סעקרעטער, פּר. י. ב[illegible] און דער רעקאָרדינג סעקרעטער, פּר. י. געליבטער, וועל[illegible] שטענדיג ארויסגעצייגט זייער טרייהייט און איר[illegible] צו דער אָרגאַניזאַציע און צו די אינטערעסען [illegible] מיר האָבען אויך פיל צו פאַרדאַנקען די איבערגעבענ[illegible] אונזער אָפּיס סטעף, וועלכער באַשטייט מייסטענס פון [illegible] איבערגעבענע מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע, און הויפּטזעכליך האָבען מיר צו פאַרדאַנקען אונזער ערפאָלג דער האַרמאָניע און איינינקייט, וועלכע עס האָט געהערשט צווישען דער אָפּיס קאָמיטע און די איבעריגע טיילען פון דער פארוואַלטונג.

מיר ווילען דאָ אויסדריקען אונזער אָנערקענונג צו דר. י. א. מעריסאָן, וועלכער איז דער באַראַטענדער דאָקטאָר פון דזשענעראל אָפּיס. דער אָפּיס באַראַט זיך מיט אים וועגען צווייפעלהאַפטע אַפּליקיישאָנס פון נייע קאַנדידאַטען, אויך וועגען קראַנקען-בענעפיט פון א צווייפעלהאַפטען כאַראַקטער. דר. מעריסאָן איז שטענדיג גרייט געווען צו העלפען אונז, ווען זיין מעדיצינישע עצה איז געווען נייטיג.

איין טרויעריגען אינצידענט האָבען מיר צו פארצייכענען אין אונזער לעצטער יעריגער טעטינקייט, וועלכע באַשטייט אין פאָלגענדעס:

א מיטגליד פון דער אָפּיס קאָמיטע, וועלכער איז אויך געווען א סעקרעטער פון א ברענטש, האָט באַנקראָטירט אין די ביזנעס און האָט ניט בלויז פארנומען די געלדער פון די ביזנעס-לייט, מיט וועלכע ער איז געווען פארבונדען, נאָר אויך א היבשע סומע ברענטש-געלדער. פאַר דער אָפּיס קאָמיטע איז דאָס געווען זייער אַן אומאַנגענעמע פּאַסירונג, ווייל דער דאָזיגער מיטגליד האָט ביז דעם לעצטען מאָמענט געהאַט דעם פולען צוטרויען פון זיינע חברים. די אָפּיס קאָמיטע האָט אין דעם פאַל געהאַנדעלט ווי אין אַלע אַנדערע פאַלען, איבערגעגעבען די זאַך צו דער באָנד קאָמפּאַניע, פון וועמען דער ברענטש האָט ארויסגעקראָגען די פולע $500, אונטער וועלכע ער איז געשטאַנען אונטער באָנדס. די אָפּיס קאָמיטע האָט אים אויך גלייך אויסגעשלאָסען פון אירע רייען און צוגעצויגען אויף זיין פּלאַץ דעם נעקסטען אויפ'ן באַלאָט.

מיר דאַנקען אַלע מיטגלידער פון א. ר. פאַר דעם צוטרויען וואָס זיי האָבען אונז געשאָנקען, און מיר ווינשען די דעלעגאַטען ערפאָלג אין זייער ארבעט.

נאַצ. אָפּיס קאָמיטע, אַרב. ר[illegible]נג.

# באַריכט פון דער נאַצ. גריווענס קאָמיטע

ב. קראַפּקאַ, טשערמאַן
ב. גילמאַן, ר. בלאַק, מ. העסקעל, א. וויינבערג

צו די דעלעגאַטען פון דער 22-טער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגלידער פון א. ר.

ווערטע פריינד:

מיר בעטען אייך צו שענקען אייער אויפמערקזאַמקייט צו אונזער באַריכט, אין וועלכען ס'ווערט אָפּגעגעבען וועגען אונזער טעטינקייט פון לעצטען יאָר. מיר זיינען איבערצייגט, אַז מיר האָבען דערפילט אונזערע פליכטען טריי און איבערגעבען, פּינקטליך און געוויסענהאַפט אַלס גריוועַנס קאָמיטע.

באַלד ווי מיר האָבען זיך אינסטאַלירט, האָבען מיר איבערגענומען די „קייסעס", וואָס זיינען ניט ערליידיגט געוואָרען פון דער פריערדיגער קאָמיטע. ניט פיל „קייסעס" זיינען דעם יאָר פארהאַנדעלט געוואָרען, סך-הכל איבער 100 קייסעס. די מערסטע פון זיי זיינען שוין פארהאַנדעלט געוואָרען, בלויז איינינע קייסעס וועלען פארהאַנדעלט ווערען אַזוי שנעל ווי מיר וועלען אויסגעפינען מער איינצעלהייטען.

עס וואָלט פארנומען צופיל פּלאַץ צו דערקלערען יעדע קלאַגע אָדער אַפילו באַזונדער. איר דאַרפט האָבען אין זין, אַז יעדע קייס האָט פארנומען פיל צייט צו אונטערזוכען און ארויסגעבען א גערעכטען אורטייל, לויט אונזער מיינונג, אימער האָבענדיג אין זינען די פּרינציפּען און קאָנסטיטוציע פון א. ר. מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען אויף די מער וויכטיגע און פּרינציפּיעלע קייסעס:

1) א מיטגליד פון בר. 236 האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש צו שטראפירען אים מיט $99.99. ער האט דערקלערט, אז אלם באס האט ער איינגעזען, אז זיין פלאץ איז ניט אין א. ר. און ער האט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע. דער בר. האט ניט אנגענומען די רעזיגנאציע און האט אים באשטראפט מיט דער אויבענדערמאנטער סומע. דער בר. האט איבערגעגעבן, אז דער באטרעפענדער איז געווען וויים-פרעזידענט פון דער דזשולערי יוניאן, אויך סעק. פון זיין ברענטש. אבער איצט איז ער געווען דער פארביסענסטער שונא פון דער יוניאן און צוזאמען מיט דער באסעס אסאסיאיישאן קעמפט ער פאר אן אפען שאפ און געגען דער יוניאן. זיי האבען אים געבעטען ער זאל ארוים פון דער באסעס אסאסיאיישאן און איינפירען א יוניאן-שאפ, און נאכדעם ווי ער האט זיך אנטזאגט, האט אים דער בר. שטראפירט מיט $99.99.

מיר האבען גוטגעהייסען די האנדלונג.

2) צוויי מיטגלידער פון בר. 587 אפעלירען געגען באשלוס פון בר. צו שטראפירען יעדען פון זיי מיט 150 דאלאר. דער בר. באוויזט מיט קאפיעס פון פראטאקאלען, אז ס'איז באשטעטיגט געווארען, אז די באטרעפענדע האבען גענומען קאמישאן פונ'ם הויז וואס דער בר. האט געקויפט פאר א לייבאר-לייסעאום און די קאמישאן האט באטראפען 300 דאלאר. דער בר. האט דעריבער באשלאסען, אז די באטרעפענדע דארפען אומקערען די 300 דאלאר.

עס איז באשלאסען געווארען גוטצוהייסען די האנדלונג פון ברענטש.

3) א פריינדין פון בר. 53 האט אפעלירט געגען דער נאצ. בענעפיט קאמיטע און געגען ברענטש פאר צוריקציען אירע 6 וואכען קראנקען-בענעפיט. זי האט גע'טענה'ט, אז זי איז געווען קראנק אויף „טומער“ (א פרויען-קראנקהייט) און האט געדענקט, אז זי איז צו קיין קראנקען-בענעפיט ניט בארעכטיגט; נאר זייענדיג נאך דער אפעראציע אין א „קאנוועלעסענט האום“, האט זי ערפארען, אז זי איז איצט יא בארעכטיגט און האט זיך געמאלדען צום ברענטש. מען האט איר גערופען צו דער בר. עקזעקוטיווע און מען האט איר געזאגט, אז אויב זי וועט זיך באנוגענען מיט דזשענעראל בענעפיט, אן די לאקאלע, וועט מען איר אויסצאלען. זי האט זיי דערקלערט, אז זי גלויבט, דאס זי איז בארעכטיגט צו לאקאלע, אזוי גוט ווי צו דזשענעראל בענעפיט (ווייל בר. 53 האט א באשלוס, אז זיי צאלען לאקאלע בענעפיט בלויז אויף א סטייטמענט פון זייער דאקטאר). די פארטרעטער פון בר. האבען דערקלערט, אז זיי צווייפלען ניט, אז די באטרעפענדע איז געווען קראנק, נאר אזוי-ווי זי האט זיך געמאלדען נאך דער קראנקהייט, איז זי ניט בארעכטיגט.

עס איז באשלאסען געווארען גוטצוהייסען איר אפיל און באאויפטראגען די בענ. קאמ. אויסצוצאלען איר בענעפיט, אויך לאזען וויסען דעם בר., אז מען זאל איר אויסצאלען די לאקאלע בענעפיט, ווייל די באטרעפענדע האט ניט געוואוסט אז זי איז בארעכטיגט צו בענעפיט און דערפאר האט זי זיך ניט געמאלדען.

4) א מיטגליד פון בר. 320, אלבאני, אפעלירט געגען בר. פאר שטרייכען אים. מיר האבען אהין געשיקט א פארטרעטער (פר. בלאק), ווייל שריפטליך האבען מיר ניט געקענט אויסגעפינען די איינצעלהייטען. דער באטרעפענדער האט באלאנגט צו די פיינטער באסעס אסס'ן און ער איז געווען אין דער קאמיטע פון די באסעס צו שליכטען דעם סכסוך מיט דער יוניאן. די באסעס האבען געוואלט ארונטערנעמען 2 דאלאר א טאג פון די ארבייטערס שכירות, נאר ביידע קאמיטעס זיינען געקומען צו א פארשטענדעניס ארונטער צו נעמען בלויז 1 דאלאר א טאג. די באסעס האבען אבער דערנאך צוריקגעוויזען דעם אפמאך און האבען געוואלט ארונטערנעמען 2 דאלאר. זיי האבען אדווערטייזט פאר סקעבם און אדווערטייזט אויך דעם פלאץ פון דעם באטרעפענדען. ווען דער בר. האט אים אויפגעפאדערט, אז ער זאל סעטלען מיט דער יוניאן, האט ער געענטפערט, אז ער קען ניט אן דער באסעס אסס'ן.

מיר האבען גוטגעהייסען די האנדלונג פון ברענטש.

די נאצ. עקזעקוטיווע האט איבערגעגעבן צו דער נאצ. גריוועגס קאמ. אויסצוטייטשען דעם פונקט פון לעצטען קאנווענשאן-רעפערענדום וועגען קראנקען בענעפיט, וועלכער לעזט זיך:

די קראנקען-בענעפיט זאל געהעכערט ווערען פון 6 אויף 8 דאלאר א וואך. ס'ווערט אבער גאר ניט אנגעוויזען וועגען דעם בענעפיט פון צווייטען און דריטען יאר אויף איין און דער זעלבער קראנקהייט.

די גריוועגס קאמיטע האט אויסגעטייטשט, אז פאר'ן צווייטען יאר זאל געצאלט ווערען 4 דאל. א וואך. די גריוועגס קאמ. האט איר באשלוס געשטיצט דערויף, וואס פריער איז פאר דעם צווייטען און דריטען יאר בענעפיט געצאלט געווארען 3 דאל. א וואך, ד. ה. א העלפט פון די בענעפיט פון ערשטען יאר. איצט, וועט די בענעפיט איז געהעכערט געווארען אויף 8 דאל., בלייבט 4 דאל. פאר דעם צווייטען און דריטען יאר פאר דער זעלבער קראנקהייט, דאס מיינט א העלפט פון ערשטען יאר.

6) צוויי מיטגלידער פון בר. 389 האבען אפעלירט געגען באשלוס פון בר. צו שטרייכען זיי. אין צייט פון קלאוקמאכער סטרייק האבען ביי זיי געארבעט מיידלאך. זיי האבען דערקלערט דער יוניאן, אז די מיידלאך קענען ארונטערגיין, אבער זיי ביידע װעלען מוזען בלייבען ארבעטען, ווייל זיי נייטיגען זיך זייער אין געלט. די יוניאן האט זיי דערלויבט ארויסצופערטיגען די ארבעט אין צוויי וואכען צייט מיט די ארבעטערינס; אבער דערנאך זאלען זיי אויך ארונטער. זיי זיינען אבער געבליבען ארבעטען, און דער בה. האט זיי דערפאר געשטראכען.

די גריוועגס קאמ. האט גוטגעהייסען די האנדלונג פון בר.

7) א מיטגליד פון בר. 211 אפעלירט געגען באשלוס פון בר. צו שטראפירען אים מיט $99.99. ער אליין האט דערקלערט, אז אין דער צייט פון מילך-דרייווער סטרייק אין ניו-יארק איז ער אלס דרייווער פון שעפילד און קאמפ. געגאנגען צוריק צו דער ארבעט אויף דער זעקסטער וואך פון סטרייק, ווייל עס איז פאר אים געווען קלאר, אז דער סטרייק איז פארשפילט. אויף אונזער פראגע, אויב ער איז געווען ביים מאסמיטינג אין מעדיסאן סקווער גארדען און געשטימט פאר א סטרייק, האט ער געענטפערט: יא.

ס'איז באשלאסען געווארען גוטצוהייסען די האנדקונג פון ברענטש.

זינט מיר האבען זיך אינסטאלירט האבען צוויי מיטגלידער רעזיגנירט פון אונזער קאמיטע. דאס איז פר. הערמאן, פון בר. 233, וועלכער איז געווען טשערמאן פון אונזער קאמיטע. ער האט רעזיגנירט דערפאר, ווייל ער האט זיך ארויסגעצויגען אין א פלאץ, איבער א דאלאר רייזע פון ניו-יארק, און ער איז פאר אים געווען אוממעגליך צו קומען צו מיטינגען. לויט אונזער קאנסטיטוציע איז ניט ערלויבט צו זיין א מיטגליד אין דער נאצ. עקז. ווען איינער וואוינט אין א פלאץ איבער 50 סענט רייזע פון ניו-יארק. אויף זיין פלאץ האבען מיר צוגעצויגען פר. אייבראמסאן, פון בר. 216. ער האט באלד רעזיגנירט און אויף זיין פלאץ האבען מיר צוגעצויגען דעם נעקסטען אויפ'ן באלאט, פר. א. וויינבערג, פון בר. 185.

מיר האבען דעם יאר פיליכט געהאט ווייניגער קייסעס, ווי די גריוועגס קאמיטע פלעגט האבען אין די פריערדיגע יארען; אבער דערפאר זיינען א גרויסע טייל פון אונזערע קלאגען אפילם געווען מער פון א פרינציפיעלען כאראקטער. אויף דער נאצ. גריוועגס קאמ. ליגט די שווערע פאראנטווארטליכקייט צו האנדלען אין אזעלכע פאלען אי יושר'דיג, אי פרינציפיעל, און ס'קומט איר דארום אוים צו אונטערזוכען יעדען אפיל, אדער קלאגע, מיט פיל אויפמערקזאמקייט. אין פאלען וואו מיטגלידער זיינען באשטראפט געווארען צוליב סכסוכים מיט זייערע יוניאנס, האבען מיר אלע מאל געהאנדעלט שטרענג, לויט אונזער קאנסטיטוציע און לויט די פרינציפען פון דער טרייד-יוניאניסטישער באוועגונג.

מיר האבען אונזער אויפגאבע אלס אפעלאציאנס-ריכטער דערפילט געוויסענהאפט און מיט איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון ארבעטער-רינג.

ביי דער געלעגענהייט דריקען מיר אויס אונזער דאנק צו דער ברייטער מיטגלידערשאפט פאר דעם צוטרוי, וואס זיי האבען אונז געשאנקען, ערוויילענדיג אונז אין דער נאצ. גריוועגס קאמיטע, און מיר האפען, אז זיי וועלען ווי געהעריג אפשאצען אונזער ארבעט, דורך וועלכער מיר האבען געהאלפען האלטען ריין און אומבאפלעקט די פרינציעלע זייט פון אונזער ארגאניזאציע.

נאציאנאלע גריוועגס קאמיטע-א. ר.

# טאבעלע נומ. 1.

צייגט די עלטער פון די קראנקע מיטגלידער, וואס האבען געצויגען קראנקען־בענעפיט אין יאר 1921, אויך ווי לאנג זיי זיינען געווען קראנק

| עלטער | 1 וואך | | 2 וואכען | | 3 וואכען | | 4 וואכען | | 5 וואכען | | 6 וואכען | | 7 וואכען | | 8 וואכען | | 9 וואכען | | 10 וואכען | | 11 וואכען | | 12 וואכען | | 13 וואכען | | 14 וואכען | | 15 וואכען | | צאל פון די קראנקע מיטגלידער | צאל קראנקען־וואכען | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | | $6.00 א וו. | $3.00 א וו. | צוזאמען |
| 18 | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 5 | — | 5 |
| 19 | 1 | — | 2 | — | — | — | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 5 | 16 | — | 16 |
| 20 | 6 | — | 2 | — | 2 | — | 2 | — | — | — | 2 | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 15 | 45 | — | 45 |
| 21 | 11 | — | 4 | — | 2 | — | 2 | — | 3 | — | 2 | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 25 | 68 | — | 68 |
| 22 | 14 | — | 9 | — | 4 | — | 4 | — | 2 | — | 2 | — | 1 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | — | 1 | 40 | 122 | 15 | 137 |
| 23 | 30 | — | 22 | — | 7 | — | 8 | — | 2 | — | 4 | — | 1 | — | 1 | — | 3 | 1 | 3 | — | 1 | — | 1 | — | 1 | — | — | — | 3 | — | 84 | 283 | — | 283 |
| 24 | 42 | — | 27 | — | 14 | — | 12 | — | 6 | — | 8 | — | 3 | — | 5 | — | — | — | 2 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 | — | 7 | 2 | 137 | 537 | 39 | 576 |
| 25 | 69 | — | 59 | — | 20 | 1 | 19 | 1 | 6 | — | 8 | — | 7 | — | 5 | — | 2 | — | 3 | — | — | — | — | — | — | — | 2 | — | 4 | 2 | 208 | 626 | 37 | 663 |
| 26 | 85 | — | 58 | — | 27 | — | 30 | — | 18 | — | 8 | — | 10 | — | 4 | — | 1 | 1 | 5 | — | 2 | — | 1 | — | 2 | 1 | 3 | — | 11 | — | 267 | 968 | 22 | 990 |
| 27 | 105 | — | 74 | — | 34 | — | 22 | — | 12 | 1 | 12 | 1 | 11 | 1 | 5 | 1 | 7 | — | 7 | 1 | 2 | — | — | — | 3 | — | 2 | — | 10 | 2 | 312 | 1064 | 56 | 1120 |
| 28 | 138 | — | 125 | — | 36 | — | 33 | — | 18 | — | 10 | 1 | 7 | — | 10 | — | 8 | — | 2 | 1 | 4 | 1 | 5 | 1 | 5 | — | — | — | 22 | 3 | 431 | 1498 | 88 | 1586 |
| 29 | 115 | — | 89 | — | 41 | — | 24 | — | 22 | — | 9 | — | 12 | 1 | 11 | — | 7 | 1 | 6 | — | — | — | 4 | — | 2 | 1 | 4 | — | 9 | 5 | 363 | 1236 | 104 | 1340 |
| 30 | 141 | — | 87 | — | 40 | — | 29 | — | 16 | — | 12 | — | 16 | — | 8 | — | 6 | — | 8 | 1 | 1 | — | 6 | — | 7 | — | 4 | — | 16 | 1 | 399 | 1483 | 25 | 1508 |
| 31 | 150 | — | 96 | — | 42 | — | 27 | — | 22 | 1 | 17 | — | 5 | 1 | 10 | — | 5 | — | 5 | 1 | 2 | — | 1 | 1 | — | — | 2 | — | 15 | 7 | 410 | 1285 | 139 | 1424 |
| 32 | 138 | — | 101 | — | 42 | — | 35 | — | 15 | — | 36 | — | 24 | 1 | 11 | — | 4 | 1 | 6 | — | 5 | 1 | 6 | — | 3 | — | 3 | — | 13 | 6 | 451 | 1652 | 117 | 1769 |
| 33 | 147 | — | 112 | — | 42 | 1 | 34 | 1 | 26 | — | 17 | — | 9 | — | 7 | 1 | 9 | 1 | 8 | — | 8 | — | 5 | — | 3 | — | 1 | — | 24 | 3 | 459 | 1706 | 69 | 1775 |
| 34 | 153 | — | 117 | 1 | 62 | — | 28 | — | 27 | — | 14 | — | 15 | — | 13 | — | 9 | 1 | 3 | — | 4 | — | 4 | — | 10 | — | 1 | — | 14 | 2 | 431 | 1590 | 77 | 1667 |
| 35 | 140 | — | 81 | — | 42 | 1 | 40 | — | 36 | — | 12 | 1 | 17 | — | 7 | 1 | 7 | 1 | 11 | 1 | 7 | 1 | 3 | — | 5 | — | 3 | — | 24 | 4 | 492 | 1848 | 71 | 1919 |
| 36 | 159 | — | 87 | — | 64 | — | 40 | — | 23 | 2 | 16 | — | 15 | — | 13 | — | 8 | — | 7 | — | 3 | — | 3 | — | 4 | — | 9 | — | 27 | 5 | 485 | 1899 | 85 | 1984 |
| 37 | 154 | — | 85 | — | 49 | — | 36 | — | 30 | — | 31 | — | 10 | — | 3 | 1 | 1 | — | 3 | — | — | — | 4 | — | 5 | — | 4 | — | 13 | 1 | 435 | 1503 | 23 | 1526 |
| 38 | 120 | — | 77 | — | 46 | — | 37 | — | 23 | 1 | 18 | — | 8 | — | 14 | — | 7 | — | 7 | — | 1 | 1 | 1 | — | 4 | 1 | 4 | — | 14 | 4 | 388 | 1425 | 89 | 1514 |
| 39 | 103 | — | 71 | — | 34 | — | 35 | — | 21 | — | 9 | — | 8 | — | 11 | — | 5 | 1 | 8 | — | 5 | — | 1 | 1 | 1 | — | — | — | 22 | 3 | 340 | 1325 | 76 | 1401 |
| 40 | 95 | — | 55 | — | 35 | — | 26 | — | 16 | — | 11 | 1 | 11 | — | 15 | — | 6 | 1 | 9 | — | 3 | — | 5 | — | 3 | 1 | 1 | — | 7 | 5 | 306 | 1152 | 103 | 1255 |
| 41 | 70 | — | 67 | — | 37 | 1 | 18 | 1 | 19 | 1 | 11 | 2 | 11 | — | 5 | — | 4 | 1 | 8 | 2 | 5 | 1 | 1 | — | 1 | 1 | 1 | — | 18 | 4 | 289 | 1145 | 132 | 1277 |
| 42 | 58 | — | 47 | — | 31 | — | 20 | 1 | 17 | 1 | 8 | — | 5 | — | 6 | 1 | 4 | — | 3 | — | 6 | — | 3 | 2 | 3 | — | — | 10 | 10 | 3 | 230 | 898 | 100 | 998 |
| 43 | 60 | — | 40 | — | 26 | 1 | 22 | — | 8 | 1 | 7 | 2 | 3 | — | 5 | — | 6 | — | 4 | — | 3 | — | 5 | — | 3 | — | 5 | — | 11 | 2 | 214 | 910 | 50 | 960 |
| 44 | 57 | — | 43 | — | 21 | — | 17 | — | 11 | 3 | 6 | 1 | 14 | 1 | 3 | — | 3 | — | 1 | — | 2 | — | 3 | — | 2 | — | — | — | 7 | 2 | 197 | 713 | 58 | 771 |
| 45 | 53 | — | 30 | — | 22 | — | 11 | — | 14 | 1 | 10 | — | 1 | — | 4 | — | 4 | — | 4 | 2 | 8 | — | 3 | — | — | — | 2 | — | 6 | 3 | 173 | 655 | 70 | 725 |
| 46 | 21 | — | 37 | — | 12 | — | 9 | — | 5 | — | 9 | — | 7 | — | 4 | — | 4 | — | 3 | 1 | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 9 | — | 123 | 554 | 10 | 564 |
| 47 | 15 | — | 13 | — | 14 | — | 6 | — | 8 | — | 6 | — | 2 | — | 7 | — | — | — | 4 | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 4 | 1 | 82 | 379 | 15 | 394 |
| 48 | 18 | — | 12 | — | 11 | — | 6 | — | 2 | — | 1 | 1 | 3 | 1 | 1 | — | 3 | 1 | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 2 | — | 7 | 1 | 73 | 338 | 37 | 375 |
| 49 | 9 | — | 23 | — | 6 | — | 6 | 1 | 4 | — | 3 | — | 2 | — | 3 | — | 3 | — | 2 | — | 3 | — | 1 | — | 2 | — | 1 | — | 6 | 1 | 76 | 395 | 19 | 414 |
| 50 | 5 | — | 12 | — | 4 | — | 5 | 1 | 4 | — | 6 | — | — | — | 1 | — | 2 | — | 1 | — | 3 | — | 2 | — | — | — | 1 | — | 5 | — | 52 | 299 | 4 | 303 |
| 51 | 10 | — | 3 | 1 | 6 | — | 4 | 1 | 4 | — | 1 | 1 | 3 | — | — | 2 | 2 | — | 3 | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | 1 | 44 | 173 | 43 | 216 |
| 52 | 8 | — | 3 | — | 2 | — | 3 | — | 2 | — | 3 | — | 1 | — | 2 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — | 25 | 83 | 13 | 96 |
| 53 | 6 | — | 5 | — | 4 | — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | 1 | — | 3 | — | 26 | 145 | — | 145 |
| 54 | 1 | — | 1 | — | — | — | 2 | — | 1 | — | — | — | — | — | 2 | 2 | 1 | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | 1 | — | 3 | — | 15 | 113 | 16 | 129 |
| 55 | 2 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | 1 | 1 | 9 | 55 | 15 | 70 |
| 56 | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 2 | 7 | 26 | 30 | 56 |
| 57 | — | — | 1 | — | 1 | — | 2 | — | 1 | — | 1 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 7 | 31 | — | 31 |
| 58 | — | — | 2 | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 3 | 7 | — | 7 |
| 59 | — | — | — | — | 1 | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 5 | 36 | — | 36 |
| | 2509 | — | 1782 | 2 | 886 | 5 | 656 | 8 | 447 | 11 | 333 | 11 | 245 | 6 | 201 | 9 | 135 | 11 | 139 | 10 | 81 | 5 | 72 | 5 | 75 | 6 | [illegible] | [illegible] | 347 | 77 | 8135 | 30291 | 1847 | 32138 |

# באַריכט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

ס. יאַקאָבי, טשערמאַן. מ. מאַלאַט, ווייס־טשערמאַן.
ל. ביילין, נ. סאַפירמאַן, מ. פרידמאַן.

**צו אַלע דעלעגאַטען פון דער 22־טער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג.**

אין אונזער רעפּאָרט, וואָס מיר גיבען אייך דאָ איבער, ווילען מיר זיך ניט אָפּשטעלען אויף אַלע איינצעלהייטען פון אונזער טעטיגקייט און אונזער אַרבעט פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר.

אין דעם בענעפיט דעפּאַרטמענט, וואָס איז, לויט זיינע איינזאַמען און אויסגאַבען, דער גרעסטער אין אונזער אָרדען, ווי אויך דער רייכסטער אין סורפּלוס, איז ווירקליך אַן ערע צו זיין אַ פאַרוואַלטער.

מיר האָפען, אַז מיר האָבען געטאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען אין פאַרלויף פון דעם יאָר; מיר האָבען געזען דאָס דער דעפּאַרטמענט זאָל ריכטיג פאַרוואַלטעט ווערען פאַר דעם בענעפיט פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט פון אונזער אָרדען.

מיט צופרידענהייט באַמערקען מיר אויך, אַז פאַר דער גאַנצער צייט פון אונזער זיין אין אַמט האָט קיינער פון אונזער קאָמיטע ניט רעזיגנירט, און יעדער איינער פון דער קאָמיטע האָט געטאָן אַלץ וואָס אין זיינע פעאיגקייטען.

מיר האָבען דורך דער צייט, וואָס מיר זיינען געוועזען אין אַמט, ביז יעצט, ווען מיר שרייבען דעם רעפּאָרט, פאַרהאַנדעלט 316 „קייסעס" וועגען קראַנקען־בענעפיט. 96 קאָמיטעס פון ברענטשעס האָבען מיר אויפגענומען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען צו אונזערע מיטינגען קלאָר צו מאַכען, אָדער אַפּעלירען וועגען בענעפיט.

אַרויסגערופען קאָמיטעס פון ברענטשעס האָבען מיר 19, צו געבען זיי אינסטרוקציעס, אָדער געשטעלט פראַגען וועגען בענעפיט.

אונזער קאָמיטע האָט דורך דער צייט באַזוכט 79 ברענטש מיטינגען צוליב אינפאָרמאַציע, אָדער צו הערען וואָס מיטגלי־דער פון א. ר. האָבען צו זאָגען וועגען אַ פאַרפלאָנטערטער פראַגע איבער קראַנקען־בענעפיט.

14 קייסעס האָבען מיר צוריקגעוויזען, ווייל מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז זיי זיינען אַבסאָלוט ניט געווען אין איינקלאַנג מיט אונזער קאָנסטיטוציע.

## אַפּילס צו דער גריווענס קאָמיטע

פון די אַלע קייסעס האָבען מיר געהאַט בלויז 6 אַפּעלאַציעס צו דער גריווענס קאָמיטע. אין 3 קייסעס איז די גריווענס קאָמיטע געווען איינפאַרשטאַנען מיט אונזער האַנדלונג, און די אַנדערע האָבען זיי רעקאָמענדירט אויסצוצאָלען.

מיר ווילען זיך אָפּשטעלען בלויז אויף איין אינטערעסאַנטער קייס.

אין בר. 53 איז אַ פריינדין קראַנק געוואָרען און האָט ניט געמאָלדען צום ברענטש אַז זי איז קראַנק. דער ברענטש האָט זיך ערשט דערוואוסט וועגען איר קראַנקהייט נאָכדעם ווי זי איז געזונט געוואָרען און געבראַכט סערטיפיקייטס און סטייטמענטס צו דעם מיטינג. דער ברענטש צאָלט לאָקאַלע בענעפיט און זיי האָבען אַ געזעץ, אַז ווען אַ מיטגליד וויל קריגען לאָקאַלען קראַנקען־בענעפיט מוז דער ברענטש־דאָקטאָר דעם בענעפיט גוטהייסען. אַזוי ווי אָט די פריינדין האָט זיך ניט געמאָלדען אין ברענטש, האָבען זיי באַשלאָסען ניט אויסצוצאָלען דעם לאָקאַלען בענעפיט. זיי האָבען אויך באַאויפטראַגט דעם סעקרעטער, אַז ווען ער וועט אַריינשיקען אין גענעראַל־אָפיס די סטייטמענטס און סערטיפיקייטס זאָל ער אויך ביילייגען אַ צושריפט, אַז די פריינדין האָט זיך ניט געמאָלדען צו דעם ברענטש, אַז זי איז קראַנק. דער סעקרעטער האָט אַזאַ צושריפט ניט צוגעשיקט און דער אָפיס האָט דעם בענעפיט קרעדיטירט צו דעם ברענטש.

די פריינדין האָט אַפּעלירט צו אונזער קאָמיטע, פאַרוואָס מען צאָלט איר ניט אויס די לאָקאַלע בענעפיט. דער אָפיס האָט געשריבען צו דעם ברענטש וועגען דער אַנגעלעגענהייט און זיי האָבען געענטפערט, אַז זי איז ניט נאָכגעקומען די לאָקאַלע רולס. אַ פאַרטרעטער פון אונזער קאָמיטע איז געשיקט געוואָרען צו זייער ברענטש־מיטינג. ער האָט זיי דערקלערט, אַז אַזוי ווי זי איז ניט באַרעכטיגט צו קיין לאָקאַלען קראַנקען־בענעפיט, איז זי דאָך אויך ניט באַרעכטיגט צו דעם דזשענעראַל בענעפיט, פאַרוואָס האָט דער ברענטש, וויסענדיג אַז זי איז ניט באַרעכטיגט, איר אויסגעצאָלט דעם דזשענעראַל בענעפיט. דאָן האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די שולד איז געווען פון סעקרעטער, ווייל ער האָט ניט צוגעשיקט אין אָפיס אַ דערקלערונג וועגען דעם, ווי דער ברענטש האָט אים באַאויפטראַגט.

## טאַבעלע נום. 2

ציינט דעם פּראָצענט קראַנקע פון יעדער פינף־יאָר עלטער גרופּע און די דורכשניטליכע צאָל קראַנקען־טעג פּער יעדער גרופּע אין יאָר 1921

| פינף־יאָר עלטער גרופּען | צאָל מיטגלידער קלאַסען 1, 2 און 4 | צאָל קראַנקע מיטגלידער אין יעדער גרופּע | פּראָצענט קראַנקע פון יעדער גרופּע | אַלגעמיינע צאָל קראַנקען־טעג | דורכשניטליכע צאָל קראַנקען־טעג אין 1921: פּער מיטגליד | דורכשניטליכע צאָל קראַנקען־טעג אין 1921: פּער קראַנקען מיטגליד • | דורכשניטליכע צאָל קראַנקען־טעג פּער יאָר פאַר די יאָרען 1916 ביז 1919: פּער מיטגליד | דורכשניטליכע צאָל קראַנקען־טעג פּער יאָר פאַר די יאָרען 1916 ביז 1919: פּער קראַנקען מיטגליד |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 18 און 19 | 111 | 7 | 6.3 | 147 | 1.33 | 21.00 | 2.01 | 19.30 |
| פון 20 ביז 24 | 3,590 | 301 | 8.4 | 7,763 | 2.17 | 25.78 | 3.20 | 21.21 |
| פון 25 ביז 29 | 15,463 | 1,581 | 10.2 | 39,893 | 2.58 | 25.23 | 3.61 | 21.86 |
| פון 30 ביז 34 | 20,217 | 2,211 | 10.9 | 58,765 | 2.91 | 26.58 | 3.67 | 22.49 |
| פון 35 ביז 39 | 18,919 | 2,079 | 11.0 | 56,644 | 2.99 | 27.25 | 3.92 | 24.42 |
| פון 40 ביז 44 | 10,287 | 1,236 | 12.0 | 36,827 | 3.58 | 29.78 | 4.87 | 27.04 |
| פון 45 ביז 49 | 3,919 | 527 | 16.0 | 17,304 | 4.42 | 32.83 | 5.73 | 30.04 |
| פון 50 ביז 54 | 1,063 | 162 | 15.2 | 6,223 | 5.85 | 38.41 | 4.87 | 28.94 |
| פון 55 ביז 59 | 236 | 31 | 13.1 | 1,400 | 5.93 | 45.16 | 5.12 | 28.18 |
| פון 60 ביז 64 | 14 | | | | | | | |
| טאָטאַל | 73,819 | 8,135 | 11.0 | 224,966 | 3.05 | 27.65 | 3.83 | 23.34 |

# טאבעלע נומ. 3.

די פראצענט קראנקע פון יעדער באשעפטיגונג און די צייט ווי לאנג זיי זיינען געווען קראנק אינ'ם יאר 1921

| באשעפטיגונג | צאל מיטגלידער פון יעדער באשעפטיגונג | צאל קראנקע פון יעדער באשעפטיגונג | פראצענט קראנקע פון יעדער באשעפטיגונג | צאל קראנקען-טעג אין יאר 1921: טאטאל | פער מיטגליד פון יעדער באשעפטיגונג | פער קראנקער מיטגליד פון יעדער באשעפטיגונג | דורכשניטליכע צאל קראנקען-טעג פאר יעדען יאר פון די יארען 1916 ביז 1919: פער מיטגליד פון יעדער באשעפטיגונג | פער קראנקער מיטגליד פון יעדער באשעפטיגונג |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אפערייטארס — — — — — — — — | 8765 | 1056 | 12.05 | 27307 | 3.11 | 25.86 | 3.52 | 19.75 |
| ביזנעסלייט — — — — — — — — | 9285 | 916 | 9.86 | 28343 | 3.05 | 30.94 | 4.25 | 29.91 |
| בעקערס — — — — — — — — — | 1632 | 243 | 14.89 | 6321 | 3.87 | 26.01 | 5.63 | 19.23 |
| הויז-ארבעטערינס — — — — — — | 583 | 133 | 22.81 | 4235 | 7.26 | 31.84 | 8.62 | 23.14 |
| וועבערס — — — — — — — — — | 1130 | 141 | 12.48 | 3248 | 2.88 | 23.04 | 3.66 | 19.86 |
| לייבארערס — — — — — — — — | 2447 | 367 | 15.00 | 10983 | 4.49 | 29.93 | 5.92 | 19.23 |
| לעדער ארבעטער — — — — — — | 777 | 87 | 11.91 | 1925 | 2.49 | 22.13 | 3.74 | 20.11 |
| מאשיניסטען — — — — — — — | 1793 | 267 | 14.89 | 7308 | 4.08 | 27.37 | 5.31 | 20.98 |
| מוליארעס — — — — — — — — | 531 | 82 | 15.44 | 1974 | 3.72 | 24.07 | 5.00 | 20.08 |
| מעטאל ארבעטער — — — — — — | 3422 | 448 | 12.90 | 11130 | 3.25 | 24.84 | 4.70 | 19.99 |
| סטאליארעס — — — — — — — — | 5322 | 714 | 13.42 | 19180 | 3.60 | 26.86 | 4.78 | 19.82 |
| פאריערס — — — — — — — — — | 1031 | 90 | 8.73 | 2548 | 2.47 | 28.31 | 3.34 | 19.92 |
| פיינטערס — — — — — — — — | 4308 | 607 | 14.11 | 17388 | 4.04 | 28.65 | 5.13 | 19.62 |
| פרינטערס — — — — — — — — | 639 | 60 | 9.39 | 1400 | 2.19 | 23.33 | 3.39 | 19.61 |
| פרעסערס — — — — — — — — | 2049 | 270 | 13.18 | 7476 | 3.65 | 27.69 | 4.63 | 22.04 |
| ציגארען מאכערס — — — — — — | 848 | 82 | 9.67 | 2429 | 2.86 | 29.62 | 4.16 | 20.90 |
| קאטערס — — — — — — — — — | 1806 | 163 | 9.05 | 4445 | 2.46 | 27.27 | 3.18 | 20.65 |
| קלויקס — — — — — — — — — | 4666 | 465 | 9.97 | 13804 | 2.86 | 29.69 | 3.81 | 22.14 |
| שוסטערס — — — — — — — — | 1757 | 188 | 10.71 | 5040 | 2.86 | 26.81 | 4.70 | 22.13 |
| שניידערס — — — — — — — — | 14377 | 1445 | 10.05 | 39984 | 2.78 | 27.67 | 3.52 | 20.90 |
| אנדערע באשעפטיגונגען — — — — | 6651 | 311 | 4.68 | 8498 | 1.28 | 27.32 | 1.78 | 20.92 |
| טאטאל — — — | 73819 | 8135 | 11.02 | 224966 | 3.05 | 27.65 | 3.95 | 20.52 |

אונזער קאמיטע, אויסהערענדיג דעם באריכט פון אונזער פארטרעטער, האט באשלאסען, אז די אלגעמיינע בענעפיט, וואס איז אויסגעצאלט פאר דער באטרעפענדער פריינדין, איז ניט געווען קיין געזעצליכער; אז מיר האבען קרעדיטירט דעם בר. מיט די בענעפיט בלויז צוליב דער שולד פון זייער סעקרעטער, בלויז צוליב דעם וואס מען האט אבזיכטליך אדער ניט אבזיכטליך ניט געלאזט וויסען דעם אפיס וועגען דעם כאראקטער פון דער בענעפיט. האבען מיר דעריבער באשלאסען צוריקצוציען אט די אלגעמיינע בענעפיט און שרייבען דעם ברענטש, אז זיי קענען די סומע אויפמאנען אדער פון דער פריינדין, וואס האט נעקראגען די בענעפיט, אדער פון דעם געוועזענעם סעקרעטער, וועלכער האט די זאך פארנאכלעסיגט. די פריינדין האט נעגען דעם באשלוס אפעלירט צו דער נאצ. גריוועגס קאמ., און זיי האבען דעם אפיל גוטגעהייסען און באאויפטראגט דעם ברענטש איר אויסצוצאלען דעם אלגעמיינעם ווי אויך דעם לאקאלען בענעפיט.

## ביישטייערונג פאר האספיטאלס

אזוי ווי יעדען יאר, האט אויך די פאראיאריגע קאנווענשאן באוויליגט די סומע פון 5 טויזענט דאלאר פאר דעם צוועק צו שטיצען האספיטאלס און קראנקען-אינסטיטוציעס אין יענע שטעט, וואו עס איז פאראן א גרויסע מיטגלידערשאפט מיט ניט וויינינער פון 5 ברענטשעס.

די בענעפיט קאמיטע האט גערופען א דזשאינט מיטינג מיט דער מעדיקאל אדוויזארי באַרד אין ניו-יארק. ביי דעם דאזיגען מיטינג איז פארהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען שטיצען האספיטאלס און אינסטיטוציעס אין ניו-יארק, און לויט די רעקאמענדאציעס פון דער מעדיקאל אדוויזארי באַרד האבען מיר באשלאסען בייצושטייערען פאלגענדע סומען:

בית-ישראל האספיטאל — — — 800 דאלאר
לבנון האספיטאל — — — — 200 "
מאונט זייאן האספיטאל — — 300 "
בית-משה האספיטאל — — — 300 "
בראנזוויל האספיטאל — — — 300 "
סעינט דזשאזעף האספיטאל — — 200 "
מאנטעפיאָרע האום — — — — 500 "
דזשואיש האום פאר קאנוואלעסענט 300 "

פאר אויסער ניו-יארק האט זיך די בענעפיט קאמיטע געשטעלט אין פארבינדונג מיט די דיסטריקט קאמיטעס פון אלע גרעסערע שטעט און ביי זיי אנגעפרעגט וועלכע האספיטאלס אדער אינסטיטוציעס פאר קראנקע עס זאלען געשטיצט ווערען. מיר האבען אנגענומען די רעקאמענדאציעס פון די דארטיגע דיסטריקט קאמיטעס און האבען באשלאסען צו געבען ווי פאלגט:

פאר שיקאגא — — — 500 דאלאר
פאר טאראנטא — — — 200 "
פאר מאנטרעאל — — — 200 "
פאר פעטערסאן — — — 200 "
פאר נוארק — — — — 200 "
פאר פילאדעלפיע — — 500 "

מיר מוזען דא באמערקען, אז פאר פילאדעלפיע האבען מיר דאס ערשטע מאל בייגעשטייערט, ווייל ביז איצט האט די ארטיגע דיסטריקט קאמיטע ניט געפונען קיין פאסיגען האספיטאל צו שטיצען. דעם יאר האט זיך די דיסטריקט קאמיטע געשטעלט אין פארבינדונג מיט א האספיטאל, און זיי האבען פארשפראכען צו האבען א בעט אין דעם האספיטאל אויף דעם ארב. רינגס נאמען.

## טאַבעלע נום. 4.

### די קראַנקהייטען פון וועלכע די מיטגלידער האָבען געליטען און ווי לאַנג זיי האָבען געליטען, אויף דעם קראַנקען־בענעפיט, וואָס זיי האָבען געצויגען *

| נאמען פון דער קראַנקהייט | צאָל קראַנקע | צאָל טעג: טאָטאַל | צאָל טעג: פער קראַנקען | קראַנקען בענע פיט אויסגעצאָלט: טאָטאַל | קראַנקען בענע פיט אויסגעצאָלט: פער קראַנקען מיטגליד |
|---|---|---|---|---|---|
| אויגען קראַנקהייט — — | 104 | 3122 | 40.01 | $2571 | $2473 |
| אויערען קראַנקהייט — | 87 | 2352 | 27.03 | 2004 | 23.03 |
| אינפלוענציע — — — | 1250 | 15197 | 12.15 | 13026 | 10.42 |
| אנשטעקיגע קראַנקהייט (כירורגישע) — — | 1054 | 23205 | 22.02 | 19578 | 18.57 |
| אנעמיא (בלוטאַרם) — — | 57 | 1953 | 34.26 | 1674 | 29.37 |
| אַסטמא — — — — | 38 | 1029 | 27.08 | 882 | 23.21 |
| ביינער און געלענק קראַנקהייט — — — | 179 | 5523 | 30.85 | 4569 | 25.53 |
| בלאָדער קראַנקהייט — | 125 | 4102 | 32.82 | 3426 | 27.36 |
| בראָנקיטיס — — — — | 445 | 7931 | 17.82 | 6669 | 14.99 |
| האַרץ קראַנקהייט — — | 101 | 4921 | 48.79 | 3882 | 38.48 |
| העמאָרידען — — — — | 185 | 4277 | 23.13 | 3609 | 19.46 |
| הערניא (געברוך) — — | 202 | 7938 | 39.30 | 6804 | 33.68 |
| טאָנסיליטיס (האַלז און נאָז קראַנקהייטען) — | 772 | 10122 | 13.11 | 8652 | 11.21 |
| טובערקולאָזיס — — — | 317 | 22505 | 70.99 | 16572 | 52.28 |
| לעבער קראַנקהייט — — | 14 | 490 | 35.00 | 408 | 29.14 |
| מאָגען קראַנקהייט — — | 854 | 30205 | 35.36 | 25428 | 29.77 |
| ניומאָניע — — — — | 147 | 5747 | 39.10 | 4926 | 33.51 |
| נירען קראַנקהייט — — | 122 | 4319 | 35.40 | 3687 | 30.23 |
| נערוועז קראַנקהייט — | 142 | 6720 | 47.32 | 5325 | 37.50 |
| עקסידענט (צופאַלען) — | 1360 | 37079 | 27.26 | 31782 | 23.37 |
| פּאַראַליזיס — — — — | 39 | 2100 | 53.85 | 1461 | 36.95 |
| פּלאָמביזם — — — | 20 | 665 | 33.25 | 570 | 28.50 |
| פּלוריזי — — — — | 95 | 2065 | 21.74 | 1770 | 18.63 |
| צוקער קראַנקהייט — — | 27 | 1169 | 43.30 | 984 | 36.44 |
| קענסער און טיומאָר — | 20 | 994 | 49.70 | 807 | 40.35 |
| רומאַטיזם — — — — | 507 | 16443 | 32.04 | 13827 | 27.27 |
| פאַרשידענע קראַנקהייטען — | 94 | 2156 | 22.94 | 1848 | 19.66 |
| שלאַפיגע קראַנקהייט — | 11 | 637 | 57.91 | 546 | 49.64 |
| טאָטאַל — — | 8368 | 224966 | 26.88 | 187287 | 22.38 |

• אין דער טאַבעלע פון קראַנקען־בענעפיט גייען אויך אריין די מיטגלידער פון לייבאָר־ליג, וועמעס רעקאָרדס ציינען, אַז זיי האָבען געצויגען קראַנקען־בענעפיט פונ׳ם לייבאָר־ליג אין דעם יאָר ביז׳ן קוואַרטאַל 85.

## מעדיקאַל אַדוויזאָרי באָרד

די מעדיקאַל אַדוויזאָרי באָרד, וועלכע באַשטייט פון פּראָמינענטע דאָקטוירים און איבערגעבענע פריינד פון א. ר., האָט אונז אויך דעם יאָר, ווי יעדעס יאָר, מיטגעהאָלפען אין פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער מעדיציניש׳ער זייט אין באַצוג צו קראַנקען־בענעפיטס. מיר האָבען מיט זיי געהאַט איינינע מיטינגען און זיך מיט זיי בעראַטען אין פאַרשידענע צווייפעל־האַפטע „קייסעס“, און לויט זייער ראָט האָבען מיר געהאַנדעלט.

אין דער ערוויילונג פון נייע מעדיקאַל עקזאַמינערס האָבען מיר זיך גערעכענט מיט זייערע רעקאָמענדאַציעס.

ביי דער געלעגענהייט באַדאַנקען מיר די מעדיקאַל אַדוויזאָרי באָרד, וואָס באַשטייט פון דר. האַלפערן, דר. מעריסאַן, דר. דעמבאַ, דר. באַרסקי און דר. נעלסאָן, פאַר זייער אַרבעט פון לעצטען יאָר.

## ספּעציעלע מיטינגען פון ברענטשעס

נאָכדעם ווי מיר זיינען אריין אין אַמט אַלס נאַציאָנאַלע בענעפיט קאָמיטע, האָבען מיר פאַרלאַנגט פון אַפיס אַ ליסט פון די ברענטשעס, וואָס האָבען געצויגען מער קראַנקען־בענעפיט

## קראַנקען־בענעפיט אויסגעצאָלט צו מעמבערס עט לאַרדזש אין יאָר 1921

| קוואַרטאַל נומער | צאָל מיטגלידער קלאַסן 1, 2 און 4 | איינגעצאָלט צום קראַנקען־בענעפיט פאָנד | קראַנקען־בענעפיט אויסגעצאָלט | דורכשניטליכע קראַנקען־בענעפיט פער מיטגליד |
|---|---|---|---|---|
| 82 | 1802 | $1,171.80 | $ 942.00 | $ .722 |
| 83 | 1235 | $1,111.50 | 975.00 | .788 |
| 84 | 1823 | 1,190.70 | 588.00 | .444 |
| 85 | 1233 | 1,109.70 | 1,275.00 | 1.034 |
| טאָטאַל | 6093 | $4,583.70 | $3,780.00 | $2.988 |
| דורכשניט פער קוואַרטאַל — | 1273 | $1,145.92 | $ 945.00 | $ .746 |

ווי זיי האָבען איינגעצאָלט אויף דעם פאָנד. דער אָפיס האָט אונז צונעשטעלט אַזאַ ליסט פאַר די קוואַרטאַלען 80, 81, 82 און 83. מיר האָבען אונטערזוכט אַלע סערטיפיקייטס פון די דאָזיגע קוואַרטאַלען און זיך אָנגעשטויסען אויף פילע ברענטשעס, וואָס די דאָקטאָר־אָטעסטען זיינען געווען פון אַ צווייפעלהאַפטען כאַראַקטער.

אין פילע פאַלען זיינען קאָמיטעס נעווען אונטערשריבען ביי די מיטינגען. אַנדערע זיינען געווען אין גאַנצען אָן קאָמיטעס, און אויף אַנדערע האָבען זאָגאר די סעקרעטאַרען און האָספּיטעלער אַליין אונטערגעשריבען די קאָמיטעס נעמען. אַ טייל זיינען געווען אָן דאַטומס, קורץ. מיר האָבען איינגעזען, אַז אונזער קאָמיטע דאַרף נעמען אַ שטעלונג צו די דאָזיגע ברענטשעס און זען אָפּצושאַפען אַזאַ צושטאַנד. מיר האָבען באַשלאָסען צו רופען ספּעציעלע מיטינגען פון די דאָזיגע ברענטשעס. מיר האָבען נערופען מיטינגען אין ניו־יאָרק און אויך אין דער אומגעגענט אַנצוצייגען די מיטגלידער און די באַאַמטע פון די ברענטשעס, אַז זיי זאָלען אויף ווייטער אַזוי נאָכלעסיג ניט האַנדלען.

מיר האָבען אַזעלכע ספּעציעלע מיטינגען געהאַט 18 — 11 אין ניו־יאָרק און 7 אויסער ניו־יאָרק. כמעט ביי יעדען מיטינג האָט זיך אַרויסגעצייגט, און פיל מיטגלידער האָבען דאָס צוגעגעבען, אַז אין דער פּראַגע פון אונטערשרייבען דאָקטאָר־אַטעסטען און באַזוכען קראַנקע זיינען די ברענטשעס זייער נאָכלעסיג.

די דאָזיגע 18 ברענטשעס האָבען געצויגען מער קראַנקען־בענעפיט (נאָענט צו 3 טויזענט דאָלאַר) ווי זיי האָבען איינגעצאָלט אויף דעם פאָנד.

אונזער קאָמיטע האָט אין די באַזוכטע ברענטשעס נעגעבען צו די באַאַמטע, ווי אויך צו מיטגלידער, אינסטרוקציעס און זיי אויפגעוויזען ווי נייטיג עס איז צו באַזוכען אַ קראַנקען פריינד, נים נאָר צוליב בענעפיט, נאָר אויך צוליב פריינדליכקייט. און ווען קאָמיטעס וועלען באמת באַזוכען די קראַנקע פריינד, וועלען אויך די אַלע מיספאַרשטענדנישען באַזייטיגט ווערען.

די אַלע באַזוכטע ברענטשעס האָבען פאַרשפּראָכען, אַז אין דער צוקונפט וועלען זיי מער אויפּפּאַסען, אַז דאָס זאָל ניט מער פּאַסירען. מיר מוזען דאָ באַמערקען, אַז די בענעפיט קאָמיטע פון לעצטען יאָר האָט אויך געהאַט אַזעלכע מיטינגען, און קיין איינציגער ברענטש, וואָס האָט געצויגען מער בענעפיט ווי זיי האָבען איינגעצאָלט אויף דעם פאָנד, איז אין די אויסגערעכענטע קוואַרטאַלען ניט מער געווען אויף דער ליסט. דאָס הייסט, אַז אַזעלכע מיטינגען פון דער בענעפיט קאָמיטע האָבען אַ ווירקונג און ברענגען נוצען סיי פאַר די קראַנקע און סיי פאַר דעם דעפּאַרטמענט.

## סורפּלוס אין קראנקען און קאנסאמפּשאן בענעפיט פאנד

ווען מיר זיינען אריין אין אמט האט אונז דער גענ. סעקר., פר. באסקין, באריכטעט, אז עס איז פאראן אין קראנקען-בענעפיט פאנד א סורפּלוס פון אריבער 139 טויזענט דאלאר; אין קאנסאמפּשאן פאנד א סורפּלוס נאענט צו 56 טויזענט דאלאר. מיר האבען גערענקט, אז מיט דער העכערונג פון 6 אויף 8 דאל. א וואך און 3 אויף 4 דאל. דאס צווייטע און דאס דריטע יאר וועלען מיר היי-יאר האבען א קלענערען סורפּלוס. צייגט זיך אבער ארויס, אז די העכערונג פון 6 אויף 8 דאלאר און פון 3 אויף 4 דאלאר דאס צווייטע און דריטע יאר וועט עס נאך דעם סורפּלוס פארשטארקערען: לויט די ציפערען, וואס איז אונז צוגעשטעלט געווארען פון דעם דעפּארטמענט, וועט אין נארמאלע צייטען בלייבען א סורפּלוס נאענט צו 3 טויזענט דאלאר יעדען קווארטאל פון די 15-סענטיגע, וואס די מיטגלידער צאלען פון דעם ערשטען יאנואר אן.

מיר גיבען דא איבער די איינגאמען און אויסגאבען פון קראנקען בענעפיט פאנד פון יאנואר דעם 1-טען 1920 ביז דעצעמבער דעם 31-טען 1921:

| | |
|---|---|
| איינגאמע פון די 90-סענטיגע, וואס יעדער מיטגליד צאלט צו דעם פאנד, האט באטראפען — | $256,965.27 |
| אויסגעצאלט צו קראנקע מיטגלידער — — — | 183,732.00 |
| בלייבט א סורפּלוס פונ'ם יאר 1921 — | $ 73,242.27 |
| ענדע 1920 איז געווען א סורפּלוס — — — — | 105,181.65 |
| בלייבט דעם 1-טען יאנואר 1922 — — | $178,423.92 |
| איינגאמע אין קאנסאמפּשאן פאנד דורך דעם יאר 1921 — — — — — — — — — | $ 28,676.87 |
| אויסגעצאלט אין יאר 1921 — — — — — | 18,854.92 |
| פארבלייבט א סורפּלוס — — — — | $ 8,821.95 |

ווען מיר שרייבען דעם רעפּארט האט זיך ווייטער אנגעזאמעלט אין די פאנדס א שיינע סומע, ווי עס וועט מינדליך באריכטעט ווערען ביי דער קאנווענשאן.

מיר קענען מיט פארגעניגען זאגען, אז די פאנדס פון קראנקען-בענעפיט זיינען אין אונזער ארדען געזיכערט. מיר דארפען זיך ניט זארגען, אז דער פאנד זאל אזוי שנעל אויסגעשעפּט ווערען.

## באזוכען קראנקע מיטגלידער פון אנדערע שטעט

לעצטען יאר האט אונזער קאמיטע באזוכט א גרויסע צאל קראנקע מיטגלידער פון אנדערע שטעט, וואס האבען זיך געפונען אין האספּיטאלס, אדער פּריוואט פּערזאנען, ווען אזא קראנקער האט געלאזט וויסען אין דזשענעראל אפיס, האט אונזער קאמיטע אים גלייך באזוכט, און ווען עס איז געווען נייטיג האבען מיר אים מיטגעהאלפען סיי מאראליש, סיי פינאנציעל.

## וועגען העכערען דעם קראנקען-בענעפיט פאנד אויף דעם 2-טען און 3-טען יאר

וועגען דעם צווייטען און דריטען יאר קראנקען-בענעפיט האט די לעצטע קאנווענשאן פארגעסען צו באשטימען וויפיל צו צאלען צו אט די קראנקע מיטגלידער. ווען עס איז געקומען די באשטימטע צייט צו העכערען דעם בענעפיט, האט אונזער קאמיטע זיך געווענדט צו דער גענ. עקזעקוטיוו, אז זי, אלס א גאנצע, זאל באשליסען אדער אויסטייטשען וויפיל צו צאלען. די גענ. עקז. האט דאס איבערגעגעבען צו דער נאצ. גריוועגס קאמיטע, און זיי האבען אויסגעטייטשט, אז דעם צווייטען און דריטען יאר זאל אזא קראנקער פריינד, אויף דערזעלבער קראנקהייט, זיין בארעכטיגט צו 4 דאלאר א וואך, אנשטאט ווי ביז איצט, 3 דאלאר.

מיר ווילען זאגען א פּאר ווערטער וועגען די מיטגלידער: די אומגליקליכסטע צווישען אלע קראנקע מיטגלידער זיינען די, וואס דארפען ציען דעם צווייטען און דריטען יאר בענעפיט אויף דערזעלבער קראנקהייט. א כראנישער קראנקער, וואס האט אפּגענומען דעם ערשטען יאר די 15 וואכען בענעפיט און דארף אנקומען דעם צווייטען און דריטען יאר נאך בענעפיט — וואס קען אזא אומגליקליכער אויפטאן מיט 4 דאלא א וואך? אז ארבעטען קען ער ניט. מיר גלויבען, אז עס וואלט געווען ראטזאם, אז אונזער ארדען זאל זיך אריינטראכטען אין דער אנגעלעגענהייט. מיר גלויבען, אז עס וואלט ניט געווען אזוי שווער, אז אט די אומגליקליכע קראנקע זאלען זיין בארעכטיגט דעם צווייטען און דריטען יאר צו 8 דאלאר א וואך דורך 15 וואכען א יאר.

## דיסטריקט קאמיטעס

מיר האבען זיך דעם יאר אנגעשטויסען אויף פיל „קייסעס" פון אויסער ניו-יארק, וואס זיינען ניט געווען אין איינקלאנג מיט אונזער געזעץ וועגען בענעפיט. די בראנטשעס האבען אונז ניט צוגעשטעלט קיין גענוגענדע דערקלערונגען וועגען די סערטיפיקייטס, האבען מיר זיך באנוצט מיט די ארטיגע [illegible] ריקט קאמיטעס, אז זיי זאלען אויסגעפינען מער [illegible] וועגען די „קייסעס". מיר האבען זיך ניט וואס צו [illegible] אויף די דיסטריקט קאמיטעס. זיי האבען [illegible] דאס [illegible] אונטער די אומשטענדען, און מיר באדא[illegible] זיי [illegible] ער ארבעט פון דעם יאר. ספּעציעל דאנקען מ[illegible] די [illegible]שיקאגאר און פילאדעלפיער דיסטריקט קאמיטעס, ווייל [illegible] האבען לעצטען יאר געטאן פיל ארבעט אין פארבינדונג מיט קראנקען-בענעפיט.

## מעדיקאל דעפּארטמענט

ווי באקאנט, איז פאראן אין ניו-יארק א דעפּארטמענט, וועלכער שטעלט צו דאקטוירים ווי אויך ספּעציאליסטען פאר די ניו-יארקער מיטגלידער און בראנטשעס פון א. ר., אונטער דעם נאמען „מעדיקאל דעפּארטמענט פון א. ר.". אין דעם דעפּארטמענט זיינען אנגעשלאסען איבער 150 בראנטשעס. דער דעפּארטמענט האט געזאלט איינפירען צוואנגס-אנגעהעריגקייט, ד. ה. אז יעדער בראנטש וואס איז אנגעשלאסען זאל צווינגען אלע מיטגלידער, אז זיי זאלען באלאנגען צום דעפּארטמענט. די פּארוואלטער האבען ארויסגעשיקט א צושריפט צו די אנגעשלאסענע בראנטשעס, אז זיי זאלען באשליסען ביי זייערע מיטינגען, אז יעדער מיטגליד זאל זיין פארפליכטעט צו דעם דעפּארטמענט צו באלאנגען. מאנכע בראנטשעס האבען שוין דאס געהאט באשלאסען; אין אנדערע בראנטשעס ווידער איז געווארען א צאנקעריי: די מיטגלידער האבען אנגעגעבען, אז מען קען ניט צווינגען צו באלאנגען צו די דאקטוירים, צו וועלכע זיי האבען ניט קיין צוטרויען. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז די ניו-יארקער סיטי קאמיטע האט צו אונז אריינגעבראכט קלאגען וועגען דער אנגעלעגענהייט. אזוי ווי דער מעדיקאל דעפּארטמענט האט באשלאסען צו רופען א קאנפערענץ פון די אנגעשלאסענע בראנטשעס, כדי ביי דעם קאנפערענץ אפּצושטימען אויב די מערהייט וועט זיין דערפאר זאל מען אויך די אנדערע בראנטשעס צווינגען דעם באשלוס נאכצוקומען. ווען זיי וועלען ניט נאכקומען דעם באשלוס פון דער קאנפערענץ, זאלען זיי אויסגעשלאסען ווערען פון דעם דעפּארטמענט.

מיר האבען די פראגע פארהאנדעלט מיט דער גענ. עקזעקוטיווע. די עקזעקוטיווע האט אונזער קאמיטע באאויפטראגט, אז מיר זאלען זיך דורכרעדען מיט זייערע פארוואלטער און זיי דערקלערען אויב דער באשלוס וועט דורכגיין ביי דער קאנפערענץ זאלען זיי דאס אפּלייגען ביז עס וועט זיין א גינסטיגערע צייט. מיר האבען אזא קאנפערענץ מיט די פארוואלטער אפּגעהאלטען און זיי האבען דערקלערט, אז זיי וועלען דאס נעמען אין אנבאטראכט. דער רעזולטאט איז, אז די קאנפערענץ האט די פראגע פון צוואנגס-אנגעהעריגקייט מיט א גרויסער מערהייט צוריקגעוויזען.

מיר באריכטען דאס אייך, ווייל מיר גלויבען, אז די קאנווענשאן דארף באשליסען אז די נאצ. עקז. זאל אומבאדינגט זיין פארטראטען אין אזעלכע דעפּארטמענטס, וואס טראגען אויף זיך די פירמע און דעם אפיציעלען נאמען פון א. ר.

## שלום

מיר האבען אייך אין דעם רעפּארט איבערגעגעבען די וויכטיגסטע פראגען וואס מיר האבען פארהאנדעלט. מיר וואלטען אייגענטליך זיך נעדארפט אפּשטעלען אויף די פארשידענע בענעפיט „קייסעס", וואס מיר האבען אין פארלויף פון יאר פארהאנדעלט, זיינען זיי אבער אזוי פיל אין צאל, אז דאס וואלט פארנומען צופיל פּלאץ. עס איז ווערט צו באמערקען, אז דער קראנקען-בענעפיט דעפּארטמענט האט אין פארלויף פון יאר 1921 צוריקגעשיקט 2945 קייסעס, וואס זיינען ניט ריכטיג

אויסגעפּילט געוואָרען פון די סעקרעטאַרען. וועגען אַזעלכע קייסעס פון ניט ריכטיג אויסגעפּילטע סערטיפיקייטס איז אונז אויסגעקומען צו פאַרהאַנדלען זייער פיל, און אַזוי ווי מיר זיינען פאַראינטערעסירט אַז דער קראַנקער זאָל ניט ליידען צוליב דער נאַכלעסיגקייט פון סעקרעטער אָדער האָספּיטעלער, איז אונז אויסגעקומען זייער פיל צייט אַוועקצוגעבען צו באַזוכען ברענטש מיטינגען, אום זיך צו באַקענען מיט די אומשטענדען און דאָן האַנדלען לויט די באַווייזען וואָס מיר האָבען אויסגעפונען. די קייסעס, וואָס מיר האָבען צוריקגעוויזען, זיינען מיר זיכער, אַז מיר האָבען געהאַנדעלט אומפּאַרטייאיש, און מיר האָבען זיך גערעכענט מיט דער גזעצליכער זייט, וואָס די קאָנסטיטוציע פון א. ר. שרייבט פאָר. און מיט דעם פּולען באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבען דעם בענעפיט דעפּאַרטמענט פאַרוואַלטעט לויט אונזער פעאיגקייט און צו דער צופרידענהייט פון דער ברייטער מיטגלידערשאַפט, וואָס האָט אונז די פאַרוואַלטונג אָנפאַרטרויט.

ביי דער געלעגענהייט באַדאַנקען מיר די מיטגלידער פאַר דעם צוטרויען, וואָס זיי האָבען אונז געגעבען, און מיר באַגריסען די דעלעגאַטען צו דער טאָראָנטאָר קאָנווענשאָן און ווינשען, אַז אַלע פאַרהאַנדלונגען זאָלען מאַכען אונזער באַליבטען אָרדען נאָך שטאַרקער און נאָך שענער.

די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע.

# באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

מ. י. אשפּיז, טשערמאַן
ר. נעכאַמקין, ר. גוסקין, ל. ראָטהמאַן, מ. שפּינראַד

## צו אַלע דעלעגאַטען פון דער 22-טער קאָנווענשאָן און צו אַלע מיטגלידער פון אַרבעטער-רינג.

פריינד:

ווען מיר טרעטען צו צום באַריכט פון אַ יאָר פאַרוואַלטונגס-אַרבעט, וואָס אונז איז אויסגעקומען אַוועקצוגעבען פאַר אונזער הערליכער אינסטיטוציע — דעם סאַניטאַריום — זיינען מיר מיט דעם פולען באַוואוסטזיין, אַז מיר האָבען געטאָן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר געוועז אין אונזערע כחות און פעאיגקייטען אַוועקצושטעלען אונזער אַנשטאַלט אויף דער הויך פון דער רעפּוטאַציע, וועלכע ער האָט זיך ערוואָרבען.

אונזער סאַניטאַריום, וועלכער גייט איצט אַריין אין זיין בר-מצוה יאָר, האָט אין פאַרלויף פון זיין עקזיסטענץ געקראָגען אַ שיינעם נאָמען אין דער וועלט פון טובערקולאַר אַנשטאַלטען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, און ווערט איצט פאַררעכענט אַלס איינער פון מאָדערנסטע אינסטיטוציעס אויף אָט דעם דאָזיגען געביט.

יאָר איין, יאָר אויס, ווערען געמאַכט פאַרשידענע איינריכטונגען און אויסבעסערונגען אין אונזער סאַניטאַריום. אמת, מאַנכע פון די אויסבעסערונגען זיינען אפשר פאַר אַ זייטיגען צושויער ניט באַמערקבאַר, אָבער אין אָט די קליינע אויסבעסערונגען שפּיגעלט זיך אָפּ די שטופּענווייזע אַנטוויקלונג פון אונזער אינסטיטוציע, סיי אין זיין אויסערליכען אויסזען און סיי אין זיין אינערליכען ניצליכען ווערט.

### דער אויפהאַלטונגס פאָנד

היינטיגען יאָר קומען מיר צו דער קאָנווענשאָן מיט אַ פרייליכען רעפּאָרט וועגען די סאַניטאַריום פאָנדס, וועלכע באַשטייען פון דעם אויפהאַלטונגס און בילדינגס פאָנד. דער בילדינגס פאָנד האָט די לעצטע יאָרען שטענדיג געהאַט אַ סורפּלוס דערפאַר, ווייל קיין נייע געביידעס זיינען ניט געבויט געוואָרען. פאַר דאָס אָבער האָט דער אויפהאַלטונגס פאָנד אין 1919 און 1920 געהאַט היבשע דעפיציטען. די אורזאַכען פון די דעפיציטען זיינען געקומען פון דעם אומגעהייערען יקרות אויף שפּייז און פּראָדוקטען, אויך פון דער העכערונג אין שכירות פון די אָנגעשטעלטע. דער רעזולטאַט איז געוועזען, אַז צו ענדע פון 1920 האָט זיך אין אויפהאַלטונגס פאָנד אָפּגעשטעלט אַ דעפיציט פון $35,961.25. די סאַניטאַריום קאָמיטע פון לעצטען יאָר איז געוועזען געצוואונגען אָפּצואווישען דעם דאָזיגען דעפיציט דורך דעם סורפּלוס פון בילדינג פאָנד, ווייל, לויט אַ באַשלוס פון אַ קאָנווענשאָן, האָט אַ דעפיציט פון איינעם פון אָט די פאָנדס געקענט געדעקט ווערען דורכ'ן סורפּלוס פון אַנדערען פאָנד.

היינטיגען יאָר, ווי איר וועט זען ווייטער אין אונזער רעפּאָרט, האָבען מיר אָנגענומען מיטלען, אַז עס זאָל ניט זיין קיין דעפיציט אין דעם אויפהאַלטונגס פאָנד. אַז אונזער אָנשטרענגונג אויף דעם געביט האָט געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטען, איז קלאָר דערפון וואָס מיר האָבען צום ערשטען יאַנואַר 1922 געהאַט אין אויפהאַלטונגס פאָנד אַ סורפּלוס פון $4,725.61. די אויסגאַבען פון אויפהאַלטונגס פאָנד האָבען דעם יאָר באַטראָפען $102,718.98. לעצטען יאָר האָבען די אויסגאַבען פון זעלבען פאָנד באַטראָפען $109,562.21. מיר גלויבען, אַז מיר האָבען פאַקטיש געשפּאָרט אין דער צייט פון אונזער אַדמיניסטראַציע ניט בלויז די זיבען טויזענט דאָלאַר, וועלכע זיינען פון דעם פאָנד אויסגעגעבען געוואָרען ווייניגער ווי לעצטען יאָר, נאָר דאָס אַליין, וואָס דער פאָנד האָט ניט קיין דעפיציט, ווי דאָס איז געוועזען אין די פריערדיגע צוויי יאָרען, איז אַן אָנזאָג פאַר זיך אַ סימן אַז די פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום איז דעם יאָר געפירט געוואָרען אויף אַן עקאָנאָמישען אופן.

די דורכשניטליכע צאָל פון פאַציענטען איז געוועזען דעם יאָר, לויט איינע פון די טאַבעלען וואָס ווערען דאָ אָנגעגעבען, 58.5 טעגליך. אין דער צייט ווען לעצטען יאָר איז די טעגליכע צאָל פון פאַציענטען געוועזען דורכשניטליך 52.25. עס איז פאַרשטענדליך, אַז צוליב דער גרעסערער צאָל פאַציענטען פון היינטיגען יאָר איז דער פּער-קעפּיטאַ פון אויפהאַלטען אַ פאַציענט קלענער ווי די פּער-קעפּיטאַ פון לעצטען יאָר. ווען אפילו מיר וואָלטען דעם יאָר געהאַט די זעלבע אויסגאַבען ווי לעצטען יאָר, וואָלט די פּער-קעפּיטאַ סיי-ווי געוועזען אַ קלענערע צוליב דער גרעסערער צאָל פאַציענטען, בפרט ווען מיר האָבען דעם יאָר אין אויפהאַלטונגס פאָנד געהאַט מיט אומגעפער 7 טויזענט דאָל. ווייניגער אויסגאַבען ווי לעצטען יאָר. די ווייטערדיגע טאַבעלען ציינגען, אַז היינטיגען יאָר האָט געקאָסט די טעגליכע אויפהאַלטונג פון אַ פאַציענט $4.79, ווען לעצטען יאָר האָט געקאָסט אויפהאַלטען אַ פאַציענט $5.75 אַ טאָג.

מיר ווילען דאָ אָנדייטען, אַז מאַנכע ציפערען וועגען די סאַניטאַריום פאָנדס אין דעם יערליכען רעפּאָרט פון דזשענעראַל סעקרעטער אין דעם נומער „פריינד“ שטימען ניט מיט די ציפערען פון די טאַבעלען פון אונזער רעפּאָרט. דאָס איז דערפאַר, ווייל דער דזשענעראַל סעקרעטער קריגט זיינע ציפערען פונ'ם בוכהאַלטונג דעפּאַרטמענט אין דזשענעראַל אָפיס, און די ציפערען אין אונזערע טאַבעלען זיינען גענומען פון די מאָנאַטליכע רעפּאָרטס פון סאַניטאַריום גופא. דער אונטערשיד אין די ציפערען פון אָט די צוויי רעפּאָרטס באַשטייט אין דעם, וואָס דער דזשענעראַל אָפיס רעכענט די געלדער וואָס ווערען אויסגעצאָלט אין ניו-יאָרק אין פאַרלויף פון יאָר, און אין די סאַניטאַריום רעפּאָרטס ווערען אָנגעגעבען בלויז די אויסגאַבען וואָס זיינען ווירקליך געמאַכט געוואָרען אין משך פון יאָר. אַזוי צום ביישפּיל ווערען בילס פון נאָוועמבער און דעצעמבער אויסגעצאָלט דורך דעם דזשענעראַל אָפיס אין מאָנאַט יאַנואַר; דער דזשענעראַל אָפיס רעכענט די דאָזיגע אויסגאַבען צום נייעם יאָר און אין דער ווירקליכקייט באַלאַנגען אָט די אויסגאַבען נאָך צום פריערינגען יאָר. אויף אַזאַ אופן קומט אויס דער אונטערשיד צווישען ביידע רעפּאָרטס אין אומגעפער פיר טויזענט דאָלאַר.

### וועגען באַצאָלטע פאַציענטען

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז די איינפירונג אַריינצונעמען אַלס באַצאָלטע פאַציענטען פרויען און קינדער פון מיטגלידער איז ווינשענסווערט. ס'איז גענוג צו זען אַ פאָטער פון אַ קינד, אָדער אַ מאַן פון אַ פרוי, קומען אין דזשענעראַל אָפיס וועגען אַזאַ אָנגעלעגענהייט צו איבערצייגען זיך ווי וויכטיג און נויטווענדיג עס איז צו העלפען אונזערע מיטגלידער אין אַזאַ לאַגע, ניט קוקענדיג דערויף וואָס דער בעשטימטער פּרייז פאַר

# אין יאר 1921 זיינען אויפגענומען געווארען אין סאניטאריום 122 פאציענטען

## די פאלגענדע טאבעלען ציינען די איינצעלהייטען פון די דאזיגע פאציענטען

### טאבעלע נום. 1

ציינט ווי לאנג דיזע פאציענטען זיינען געוועזען מיטגלידער אין ארבעטער־רינג, איידער זיי זיינען געווארען קראנק

| ווי לאנג זיי זיינען געוועזען מיטגלידער | צאל מיטגלידער |
|---|---|
| צווישען 1 יאר און 2 יאר | 31 |
| צווישען 2 יאר און 3 יאר | 18 |
| צווישען 8 יאר און 4 יאר | 6 |
| צווישען 4 יאר און 5 יאר | 10 |
| צווישען 5 יאר און 6 יאר | 8 |
| צווישען 6 יאר און 7 יאר | 6 |
| צווישען 7 יאר און 8 יאר | 10 |
| צווישען 8 יאר און 9 יאר | 6 |
| צווישען 9 יאר און 10 יאר | 4 |
| צווישען 10 יאר און 11 יאר | 6 |
| צווישען 11 יאר און 12 יאר | 4 |
| צווישען 12 יאר און 13 יאר | 5 |
| צווישען 13 יאר און 14 יאר | 6 |
| צווישען 14 יאר און 15 יאר | 1 |
| צווישען 15 יאר און 16 יאר | 1 |
| טאטאל — | 122 |

### טאבעלע נום. 2

ציינט די עלטער פון די פאציענטען ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין סאניטאריום

| די עלטער פון די פאציענטען | צאל מיטגלידער |
|---|---|
| פון 18 ביז 24 יאר — — — | 5 |
| פון 25 ביז 29 יאר — — — | 26 |
| פון 30 ביז 34 יאר — — — | 34 |
| פון 35 ביז 89 יאר — — — | 31 |
| פון 40 ביז 50 יאר — — — | 25 |
| העכער פון 51 יאר — — — | 1 |
| טאטאל — | 122 |

### טאבעלע נום. 3

| | |
|---|---|
| צאל מענער פאציענטען — — | 115 |
| צאל פרויען פאציענטען — — | 7 |
| טאטאל — | 122 |

### טאבעלע נום. 4

| | |
|---|---|
| פארהייראט — — — — — | 111 |
| אומפארהייראט — — — — | 11 |
| טאטאל — | 122 |

### טאבעלע נומער 5

ציינט די באשעפטיגונג פון די פאציענטען איידער זיי זיינען אריינגעקומען אין סאניטאריום

| באשעפטיגונג | צאל פאציענטען |
|---|---|
| אגענטען — — — — — — | 1 |
| אייער קענדלערס — — — — | 2 |
| אפערייטארס — — — — — | 12 |
| ארבעטער — — — — — — | 2 |
| בארבערס — — — — — — | 3 |
| בוכבינדערס — — — — — | 2 |
| בוכהאלטער — — — — — | 1 |
| ביזנעסלייט — — — — — | 12 |
| בעקערס — — — — — — | 4 |
| הויז־ארבעטערינס — — — | 2 |
| ווייטערס — — — — — — | 2 |
| יואוועלירס — — — — — | 2 |
| לאנדרי ארבעטער — — — — | 2 |
| לעדער ארבעטער — — — — | 1 |
| לעדער גודס ארבעטער — — | 2 |
| מאשיניסטען — — — — — | 3 |
| מעטאל ארבעטער— — — — | 4 |
| סטאליארעס — — — — — | 9 |
| פאלישער — — — — — — | 1 |
| פייפער באקס מאכער — — | 1 |
| פארבערס — — — — — — | 1 |
| פורמאן — — — — — — | 1 |
| פיינטערס — — — — — — | 6 |
| פערד האר ארבעטער — — — | 1 |
| פרעסערס — — — — — — | 3 |
| קאטערס — — — — — | 12 |
| קאפען־מאכערס — — — — | 4 |
| קלאוק אפערייטארס — — — | 1 |
| קלוירקס — — — — — — | 3 |
| רעגען־מאנטלען מאכער — — | 1 |
| שוסטערס — — — — — — | 5 |
| שניידערס — — — — — — | 16 |
| טאטאל — | 122 |

באצאלטע פאציענטען דעקט ניט די אויסגאבען וואס עס קאסט זייער אויפהאלטונג אין סאניטאריום.

קומענדיג אין אפטע בארירונג ווענען אזעלכע פאלען, זיינען מיר געקומען צום שלוס, אז עס וואלט דורכאוים געווען ווינשענסווערט צו מאכען א שריט ווייטער אין דער הינזיכט פון באצאלטע פאציענטען און אויך דערלויבען אריינצונעמען ברידער, שוועסטער און עלטערן פון מיטגלידער.

די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע האט אויף אונזער איניציאטיווע באשלאסען צו רעקאמענדירען צו דער קאנווענשאן, אז די דאזיגע איינפירונג זאל געמאכט ווערען.

מיר ווילען באזונדערס אונטערשטרייכען די וויכטינקייט פון דער רעקאמענדאציע, ווייל מיר זיינען איבערצייגט אז דער אויפהאלטונגס פאנד וועט פון דעם ניט ליידען און פון דער צווייטער זייט וועלען מיר זיין אימשטאנד צו געבען אונזער פריינדליכע און אמת ברידערליכע הילף צו די יעניגע מיטגלידער, וועמעס ברידער, שוועסטער (אין עלטער פון 16 ביז 20 יאר), אדער עלטערן, וועלכע ליידען פון טובערקולאזיס, און זיינען אליין ניט קיין מיטגלידער אין א. ר.

מיר האבען דעם יאר געהאט איינינע אזעלכע פארלאנגען, און עס איז פאר אונז געווען אן אמת'ער ווייטאג זיי צו אנטזאגען.

אין פארבינדונג מיט דער פראגע ווילען מיר דערמאנען פאלגענדעס: א מיטגליד פון א נוארקער ברענטש האט אונז דערקלערט, אז זיינער א פלימעניק, א זיבען־יעריגער יתום, וועמעס עלטערן זיינען גע'הרג'עט געווארען אין א פאגראם, איז פארהאלטען נעווארען אויף עלים איילאנד, ווייל די אימיגראציאנס באאמטע האבען געפונען אז ער איז שווינדזיכטיג. דעם יתום איז פארגעשטאנען די געפאר צו ווערען צוריקגעשיקט אין אייראפא אויב ער וועט ניט אריינגענומען ווערען אין א פריוואטען סאניטאריום. מיר האבען גענומען אין אנבאטראכט אט דעם אויסערגעוויינליכען פאל און מיר האבען געגעבען דעם באטרעפענדען מיטגליד פון א. ר. א סטייטמענט פאר די אימיגראציאנס באאמטע, אז מיר זיינען וויליג דאס קינד אריינצונעמען אלס פאציענט אין אונזער סאניטאריום.

אן ענליכער פאל האט אויך פאסירט מיט א פלימעניצע פון צוויי טעטינע א. ר. מיטגלידער פון ניו־הייווען. צוליב דער קראנקהייט פון דעם קינד זיינען אויך די עלטערן און די איבעריגע קינדער פון דער פאמיליע פארהאלטען געווארען אין עלים איילאנד. די סאניטאריום קאמיטע האט אויך אין דעם פאל באווילינט דעם פארלאנג פון די צוויי מיטגלידער, זיי געגעבען א סטייטמענט צו די אימיגראציאנס באאמטע, אז מיר זיינען וויליג דאס קינד אריינצונעמען אין סאניטאריום.

## פאַרגלייכונג פון די טעגליכע אויסגאַבען פער פאַציענט פאַר די יאָרען 1919, 1920, 1921

| | דורכשניטליכע אויסגאבען פער טאג 1919 סומע | 1919 פראָצ. | 1920 סומע | 1920 פראָצ. | 1921 סומע | 1921 פראָצ. | דוכשניטליכע אויסגאָבען פער טאָג פער פאַציענט 1919 | 1920 | 1921 | די אויסגאבען אין 1920 זיינען געוועזען גרעסער ווי אין 1921 פראָצענט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פאַרוואַלטונג | $ 17.84 | 6.8 | $ 19.65 | 6.5 | $ 17.95 | 6.4 | $ .288 | $ .375 | $ .306 | 22.5 |
| מעדיציִנישע | 26.93 | 10.2 | 31.10 | 10.3 | 27.78 | 9.9 | .434 | .593 | .464 | 27.8 |
| הויז־אויפהאַלטונג | 30.30 | 11.5 | 52.50 | 17.3 | 50.25 | 17.9 | .489 | 1.003 | .856 | 17.2 |
| הויז און בילדינג אויסג׳ | 47.69 | 18.1 | 61.70 | 20.4 | 63.39 | 22.5 | .767 | 1.176 | 1.083 | 16.8 |
| פאַרם אויפהאַלטונג | 8.01 | 1.1 | 2.50 | .8 | ——— | ——— | .048 | .048 | ——— | ——— |
| סיניטאַריום קאָמיטע | 5.42 | 2.0 | 6.15 | 2.0 | 5.68 | 2.0 | .087 | .118 | .097 | 21.7 |
| דעפּרעשיאיישאָן 10 פּראָצ׳ | 4.52 | 1.7 | 5.05 | 1.7 | 5.39 | 1.9 | .063 | .096 | .091 | .5 |
| שפּייז | 128.08 | 48.5 | 122.70 | 41.0 | 110.15 | 39.4 | 2.066 | 2.342 | 1.900 | 23.1 |
| טאָטאַל | $263.79 | 100.00 | $301.35 | 100.00 | $280.59 | 100.0 | $4.242 | $5.751 | $4.797 | 20.2 |

## פאַרגלייכונג פון די טעגליכע אויסגאַבען פאַר שפּייז פער פאַציענט פאַר די יאָרען 1919, 1920, 1921

| | אויסגאַבען 1919 | 1920 | 1921 | טעגליכע אויסגאַבע פער פאַציענט 1919 | 1920 | 1921 | די אויסגאבען זיינען געוועזען אין 1920 גרעסער ווי אין 1921 פראָצענט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ברויט | $ 2,817.61 | $ 2,325.72 | $ 2,127.68 | $ .102 | $ .123 | $ .100 | 23. |
| מילך, קרים פּוטער | 11,627.45 | 11,931.74 | 11,768.92 | .514 | .625 | .553 | 13. |
| אויער | 6,859.76 | 6,931.75 | 7,269.95 | .303 | .363 | .332 | 9.5 |
| פלויש, פיש און הערינג | 8,449.26 | 5,879.97 | 4,916.77 | .373 | .281 | .221 | 11.6 |
| טשיקען | 5,922.44 | 6.434.51 | 6,545.39 | .262 | .337 | .307 | 8.2 |
| פרוכט און גרינסען | 6,988.25 | 7.021.14 | 4,982.88 | .309 | .367 | .234 | 56.5 |
| גראָסעריס | 4,230.39 | 4,773.76 | 3,093.81 | .187 | .249 | .145 | 71.8 |
| ליקאָר | 13.40 | 81.00 | 48.00 | ——— | .004 | .002 | ——— |
| באָרד פאַר פּאַציענטען | 340.00 | ——— | ——— | .150 | ——— | ——— | ——— |
| טאָטאַל | $46,748.56 | $44,879.59 | $40,753.40 | $2.20 | $2.349 | $1.894 | 24. |

### טעגליכע צאָהל פּאַציענטען

| 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|
| 62.0 | 52.25 | 58.5 |

מיט דער שטעלונג אונזערער זיינען געראַטעוועט געוואָרען צוויי קינדער און אַ גאַנצע פאַמיליע פון איבערגעשיקט ווערען אויף דער צווייטער זייט ים.

מיר זיינען זיכער, אַז אַבוואָל דאָס איז פּילייכט ניט געווען אין איינקלאַנג מיט די פּירונגען פון אונזער סאַניטאַריום, וועט אָבער די קאָנווענשאָן, אַזוי גוט ווי די ברייטע מיטגלידערשאַפט, גוטהייסען אונזער האַנדלונג, איינזעענדיג, אַז דאָס זיינען געווען אויסערגעוויינליכע פאַלען, וואו מענשליכע לעבענס, נאָענטע קרובים פון אַרבעטער-רינג, זיינען פּשוט געשטאַנען אין געפאַר.

### פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום

אין פאַרבינדונג מיט די ציפערען, וועלכע צייגען די איינ-נאַמען און אויסגאַבען פון אויפהאַלטונגס פאָנד, ווילען מיר זאָגען, אַז מיר האָבען זיך היינטיגען יאָר ספּעציעל אָפּגעגעבען מיט דער פראַגע פון שאַפען עקאָנאָמיע אין סאַניטאַריום.

ווי אויבען געזאָגט, האָט דער אויפהאַלטונגס-פאָנד פאַר די לעצטע עטליכע יאָר געצייגט דעפיציטען. הגם די דאָזיגע דע-פיציטען קענען בשום אופן ניט צוגעשריבען ווערען צו דער נאַכלעסיגקייט אָדער אומפעאיגקייט פון די פאָריגע קאָמיטעס, ווייל די דעפיציטען זיינען אַ פּראָדוקט פון דעם שטייגענדען יקרות, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען פאַר דעם משך פון די לעצ-טע 4-5 יאָר, און זעענדיג אַז די קאָנווענשאָן פון לעצטען יאָר האָט פאַרוואָרפען די רעקאָמענדאַציע פאַר אַ נייער העכערונג פון 5 סענט פאַר׳ן אויפהאַלטונגס פאָנד, האָבען מיר געפילט, אַז מיט דעם האָט די קאָנווענשאָן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די נייע קאָמיטע דאַרף זען שאַפען עקאָנאָמיע דאָרט, וואו עקאָנאָמיע קאָן געמאַכט ווערען, נאַטירליך ניט אָנרירענדיג די נויטווענדיג-קייטען וואָס די פאַציענטען מוזען האָבען.

פאַר די לעצטע עטליכע יאָר איז אין די אַ. ר. קרייזען ברייט דיסקוטירט געוואָרען די פראַגע וועגען אָפּטיילען די מעדיצינישע זייט פון סאַניטאַריום פון דער ביזנעס זייט און אָנשטעלען אַ באַזונדערען מענעדזשער, וואָס זאָל זיך ספּעציעל אָפּגעבען מיט דער געשעפטליכער זייט פון סאַניטאַריום. מיר האָבען די דאָזיגע פראַגע אויפגענומען גלייך ווי מיר זיינען איינ-

סטאָלירט געוואָרען און מיר זיינען געקומען צום באַשלוס צו מאַכען אַן עקספּערימענט אין אָט דער הינזיכט. מיר האָבען זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַן אָנגעשטעלטען פון אַן ענליכער אינסטיטוציע, וועלכער איז צו אונז רעקאָמענדירט געוואָרען אַלס איינער וואָס קען פאַרוואַלטען די געשעפטליכע זייט פון סאַניטאַריום.

מיר האָבען דעם דאָזיגען פּערזאָן אָנגעשטעלט, און דעם ערשטען אויגוסט איז ער אריינגעטראָטען אין זיין אַמט. עס האָט זיך אָבער ארויסגעצייגט, דאָס אָבוואָל דיזער פּערזאָן האָט באַזעסען די פעאיגקייט צו מענעדזשען אַן אינסטיטוציע, האָט ער זיך אָבער ניט געקענט אריינפּאַסען אין אונזער אַטמאָספערע און ער האָט אין אַ קורצער צייט פאַרלאָזען דעם אַמט.

דאָס האָט אונז געלערנט, אַז אויב מיר ווילען געפינען אַן ערפאָלגרייכען מענעדזשער, מוזען מיר אים זוכען אין די רייען פון ארב. רינג; אַ פּערזאָן, וועלכער זאָל פאַרשטיין דעם גייסט פון אונזער אינסטיטוציע, די פּסיכאָלאָגיע פון די פּאַציענטען און צו וועמען אַלע זאָלען האָבען צוטרויען. מיר האָבען פאַר דעם דאָזיגען אַמט אויסגעקליבען פר. י. אדלער, אַן אַלטער א. ר. טוער, אַ געוועזענער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג און פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

פר. אדלער האָט איבערגענומען דעם אַמט ענדע אָקטאָבער, און זיין ארבעט פאַר די לעצטע עטליכע מאָנאַטען האָט באַוויזען, אַז מיר האָבען זיך אין אים ניט אָפּגענאַרט.

די געשעפטס-פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום, הגם זי איז אונטער דער אויפזיכט פון דאָקטאָר ס. ב. אַנטאָנאָוואָסקי, וועלכער איז דער מעדיקאַל סופּעראינטענדענט, ווערט זי אָבער אויסשליסליך דורכגעפירט פון פר. אדלער. אורטיילענדיג פון די עטליכע חדשים זייט די דאָזיגע רעפאָרמע איז פּאַקטיש איינגעפירט געוואָרען, זיינען מיר איבערצייגט, אַז דאָס וועט ברענגען די געווינשטע רעזולטאַטען.

אויף דעם געביט פון שאַפען עקאָנאָמיע אין סאַניטאַריום האָבען מיר זיך ניט באַגרענעצט דערמיט, וואָס מיר האָבען איינגעפירט די אויבענדערמאָנטע ענדערונג אין דער געשעפטס-פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום, — מיר האָבען זיך אויך פאַראינטערעסירט אין די פּרייזען פון די פאַרשידענע פּראָדוקטען, וואָס דער סאַניטאַריום געברויכט. מיר האָבען פאַרקלענערט דעם פּערזאָנאַל פון די אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבען זיך, נאָך אונזער מיינונג, ארויסגעצייגט צו זיין אומניצליך און אומנייטיג. אזוי צום ביישפּיל, האָבען מיר אָפּגעשאַפט די פּערמאַנענטע באַשעפטיגונג פון אַ קאַרפּענטער און אַ פּיינטער. די ערפאַרונג האָט אונז געלערנט, אַז ווען עס האָט זיך געפאָדערט אַ גרעסערער דזשאָב פון פּיינטינג אָדער קאַרפּענטינג, פלעגט מען דאָס סיי-ווי-סיי אוועקגעבען צו קאָנטראַקטאָרס, און פאַר דער קליינער אומבאַשטימטער ארבעט וואָס די דאָזיגע צוויי בעלי-מלאכות האָבען געדאַרפט טאָן אין סאַניטאַריום האָט זיך ניט געלוינט צו באַשעפטיגען זיי יערליך.

ענדערונגען בנוגע די צאָל אָנגעשטעלטע זיינען אויך געמאַכט געוואָרען אין קיך, אין עס-צימער און אין אינדזשען-רום.

אונז האָט זיך איינגעגעבען צו פאַרקלענערען די קאָסטען פון מילך. דער פאַרמער, וועלכער שטעלט צו מילך אין סאַניטאַריום, האָט ביז דעם מאָנאַט יולי געהאַט אַ געוויסען אָפּמאַך מיט דער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום, אַז מען מוז ביי אים צונעמען די גאַנצע מילך וואָס ער פּראָדוצירט, אָפּגעזען דאַפון, צי דאָס איז נייטיג פאַר דעם טעגליכען געברויך פון סאַניטאַריום, אָדער ניט.

אָט דער אָפּמאַך מיט'ן פאַרמער האָט אָנגעהאַלטען פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, ווייל מ'האָט זיך אַנדערש ניט געקענט העלפען. דער פאַרמער איז דער איינציגער אין דער נאַכבאַרשאַפט, ביי וועמען מען האָט געקענט קריגען צוגעשטעלט מילך יעדען טאָג זאָגאַר אין די ערגסטע וועטערען. מיר האָבען אָבער איינגעזען, אַז דער דאָזיגער אָפּמאַך איז ניט קיין געזונטער פאַר די אינטערעסען פון סאַניטאַריום, ווייל די אויסגאַבען פאַר מילך זיינען דורך אָט דעם אָפּמאַך צופיל פאַרגרעסערט געוואָרען, און מיר האָבען געזוכט אַ וועג ווי אזוי צו לעזען די מילך-פראַגע.

נאָך אַ לאַנגער אונטערהאַנדלונג מיט'ן פאַרמער איז אונז געלונגען צו קומען מיט אים צו אַ פאַרשטענדניס, אַז ער זאָל צושטעלען בלויז אזוי פיל מילך וויפיל דער סאַניטאַריום דאַרף פאַר דעם טעגליכען געברויך.

וואָס אַנבאַלאַנגט אַנדערע פּראָדוקטען, ווי פרוכט, וועדזשע-

## פאַרגלייכונג פון סאַניטאַריום אויסגאַבען פאַר די יאָרען 1919, 1920 און 1921

| | 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|---|
| **פאַרוואַלטונג** | | | |
| סאַלאַרים | 3,747 33 | 3,139.33 | 3,660.59 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף | 456.31 | 674.95 | 489.36 |
| אַמויזמענטס און עדיוקיישאָן | 578.54 | 740.66 | 931.65 |
| פאַרשידענעס | 264.37 | 245.63 | 457.01 |
| ניי־יאָרס פּרעזענטען | 87.50 | 93.00 | 127.50 |
| עקסטרא העלפּ | 806.50 | 1,170.01 | 152.50 |
| סטיישאָנערי, פּאָסטיידזש, פּרינטינג און אַדווערטייזמענטס | 572.19 | 762.24 | 740.84 |
| קאָמפּענסיישאָן אינשורענס | 96.07 | 341.53 | ——— |
| טאָטאַל | 6,608.81 | 7,167.35 | 6,559.45 |
| מעדיצינישע אויסגאַבען | 9,828.07 | 11,323.88 | 10,046.62 |
| **דעפּאַרטעמענטאַל:** | | | |
| הויז־אויפהאַלטונג | 6,336.84 | 11.223.35 | 8,836.40 |
| קיטשען | 2,925.93 | 4,679.82 | 6,182.16 |
| לאונדרי | 1,797.59 | 8,276.37 | 3,292.74 |
| טאָטאַל | 11,060.36 | 19,179.54 | 18.311.30 |
| שפּייז־אויסגאַבען | 46,748.56 | 44,879.59 | 40,753.40 |
| **אַלגעמיינע הויז און בילדינג אויסגאַבען** | | | |
| עלעקטריק באַלייכטונג, קראַפט און סופּלייעס | 1,665.79 | 2,225.52 | 3,410.04 |
| אינשורענס | 1,350.61 | 2,591.29 | 1.674.20 |
| טעקסעס | 524.33 | 685.45 | 784.04 |
| קוילען | 6,190.00 | 6,261.29 | 6,387.10 |
| אייז | 229.50 | 350.00 | 180.00 |
| ריעל־עסטייט און בילדינג | 3,039.21 | 2,762.33 | 6,297.97 |
| סטייבעל | 2,939.89 | 4,408.44 | 4,237.61 |
| מאַשינערי און געצייג | 1,371.03 | 8,282.35 | 1,668.52 |
| טאָטאַל | 17,310.36 | 22,566.67 | 23,639.48 |
| פאַרם־אויסגאַבען (דעפּיציט) | 1,099.16 | 915.47 | ——— |
| * סאַניטאַריום קאָמיטע | 1,976.12 | 1,690.84 | 2,071.48 |
| דעפּרעשיאיישאָן 10 פּראָצענט | 1,668.09 | 1,838.87 | 1,962.30 |
| טאָטאַל | 96,299.53 | 109,562.21 | 103,343.98 |
| פּראָפיט פון פאַרם פּראָדוקטען | ——— | ——— | 625.00 |
| גרענד טאָטאַל | 96,299.53 | 109,562.21 | 102,718.98 |

## פאַרם אויפהאַלטונג

| | 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|---|
| לייבאָר און סופּלייעס | 1,930.50 | 1,632.29 | 198.94 |
| איינגאַמע פון פאַרם פּראָדוקטען | 831.34 | 716.82 | 625.00 |
| דעפּיציט | 1,099.16 | 915.47 | ——— |
| פּראָפיט | ——— | ——— | 426.06 |
| טאָטאַל | 1,930.50 | 1,632.29 | 198.94 |

טייבעלס און גראָסערי אַרטיקלען, האָבען מיר זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פאַרשידענע האָלסיילערס, וועלכע זיינען מיטגלידער אין א. ר., און פּרובירט דורך זיי אויסצוגעפינען אויב די פּרייזען, וועלכע מיר צאָלען פאַר פאַרשידענע פּראָדוקטען, זיינען די ווירקליכע מאַרקעט-פּרייזען.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אָט די פראַגען האָבען מיר זיך אויך גענייטיגט אין דער הילף פון דזשענעראַל אָפיס, וועלכע מיר האָבען געקראָגען דורך אונזערע סעקרעטאַרען, י. באַסקין און פ. געליבטער.

פר. ק. ראַמאָ, אַ מיטגליד פון בר. 23, וועלכער איז אַ האָלסייל-גראָסער, האָט אונז פיל געהאָלפען אין אָט דער הינזיכט, און מיר ווילען אים דאָ ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער הערצליכען דאַנק.

## אין פארלויף פון יאר 1921 זיינען פון סאניטאריום אויסגעשריבען געווארען 112 פאציענטען

די פאלגענדע טאבעלע ציינט דעם צושטאנד פון די פאציענטען ביים אריינקומען און פארלאזען דעם סאניטאריום

| ביים אריינקומען אין סאניטאריום | | ביים פארלאזען דעם סאניטאריום |
|---|---|---|
| צושטאנד פון קראנקהייט | אויסזיכטען פון דער קראנקהייט | |
| אינסיפיענט (ערשטע סטוידוש) 52 46.4% | אויסגעצייכענט — 27<br>גוט — — — — 25<br>טאטאל — 52 | קראנקהייט אפגעשטעלט — — 35<br>אין שטילשטאנד — — — — 9<br>פארבעסערט — — — — — — 5<br>נישט געענדערט — — — — 1<br>צווייפעלהאפט — — — — — 1<br>געשטארבען — — — — — — — 1 52 |
| מאדעריט אדוואנס 33 29.5% | אויסגעצייכענט — 3<br>גוט — — — — 26<br>צווייפעלהאפט — 4<br>טאטאל — 33 | קראנקהייט אפגעשטעלט — — 11<br>אין שטילשטאנד — — — — 16<br>פארבעסערט — — — — — — 3<br>נישט געענדערט — — — — 3 33 |
| אדוואנסד (צווייטע סטוידוש) 3 2.7% | צווייפעלהאפט — 3 | אין שטילשטאנד — — — — 1<br>פארבעסערט — — — — — — 1<br>נישט געענדערט — — — — 1 3 |
| צושטאנד אומבאקאנט 24 21.4% | 24 | קראנקהייט אפגעשטעלט — — 12<br>פארבעסערט — — — — — — 5<br>ערגער — — — — — — — 1<br>נישט געענדרעט — — — — 2<br>קיין טובערקולאזיס — — — 4 24 |

* אין די 112 פאציענטען זיינען נישט אריינגערעכענט די פאציענטען וואס זיינען געוועזען אין סאניטאריום ווייניגער ווי איין מאנאט, ווי אויך די פאציענטען וואס זיינען שוין איין מאל געוועזען אין סאניטאריום.

### מעדיצינישע אפטיילונג פון סאניטאריום

אין דער מעדיצינישער אפטיילונג פון סאניטאריום זיינען ניט פארגעקומען קיינע וויכטיגע ענדערונגען. די ארבעט ווערט דורכגעפירט פון דר. ס. ב. אנטאנאווסקי, וועלכער איז היינטיגען יאר ווידער ערוויילט געווארען צו פארנעמען דעם אמט אלס מעדיקאל דירעקטאר פון אונזער אנשטאלט.

דר. אנטאנאווסקי טוט זיין ארבעט מיט איבערגעבענהייט, און ער האט דעם צוטרויען פון דער פארוואלטונג, ווי אויך פון די פאציענטען. פאר דער צייט וואס ער איז אין אינזער אנשטאלט האט ער געלערנט די פסיכאלאגיע פון אונזערע פאציענטען און די באציאונגען צווישען אים, די פאציענטען און די אנגעשטעלטע זיינען אמת פריינדליכע.

דר. בארענבלאט, וועלכער האט פאר א לענגערער צייט פארנומען דעם אמט אלס אסיסטענט דאקטאר, האט אין מאנאט דעצעמבער רעזיגנירט און אויף זיין פלאץ איז דורך דער רעקאמענדאציע פון דר. יוליוס האלפערן, אנגעשטעלט געווארען דר. יוהעל.

די מעדיצינישע ארבעט ווערט דורכגעפירט פון ביידע דאקטוירים צו דער צופרידענהייט פון אלע פאציענטען.

### דענטאל קליניק

א נייע מעדיצינישע איינריכטונג ווערט יעצט איינגעפירט אין סאנטאריום. א חוץ די ספעציעלע נאז און האלז טריטמענטס, וואס די פאציענטען קריגען יעדען חודש דורך דר. אינגערמאן, ווערט איצט אויך איינגעפירט א ספעציעלער דענטאל קליניק. אראנזשמענטס ווערען געמאכט, אז איינמאל א וואך זאל א דענטיסט ארויסקומען אין סאניטאריום עקזאמינירען, רייניגען און קורירען די ציין פאר דער באקוועמליכקייט פון די פאציענטען.

דער דאזיגער פארלאנג איז שוין לאנג אויסגעדריקט געווארען פון דער מעדיקאל אדוויזארי באארד און דרינגענד געפאדערט געווארען פון די פאציענטען. מיר זיינען צופרידען צו באריכטען, אז ענדליך ווערט אט דער פארלאנג צופרידענגעשטעלט.

### פארשידענע אויסבעסערונגען

אין פארלויף פון יאר זיינען געמאכט געווארען פארשידענע איינריכטונגען און אויסבעסערונגען אין מאנכע געביידעס פון סאניטאריום. אין בייסמענט פון דער לאנדרי איז אריינגעשטעלט געווארען אן „אינסינירייטאר" — א אויווען, וועלכער פארברענט דאס אפפאל פון עסען (גארבעדזש) און אויך די ספיטום-באקסעס פון די פאציענטען אויף א סאניטארען אופן.

דער דאזיגער אפאראט האט געדארפט קאסטען ארום דריי טויזענט דאלאר. די „אינסינירייטאר קאמפאני" האט אונז אבער געגעבען די מעגליכקייט צו האבען אט דעם אפאראט פאר עטוואס מער ווי טויזענט דאלאר, ווייל זיי האבען אין דער געגענט פון סאניטאריום צו יענער צייט איינגעפיקסט אינסינירייטארס פאר אן ענליכען אנשטאלט, דעריבער האט זיך זיי געלוינט דאס צו מאכען פאר א ביליגערען פרייז.

אין די „לענטוס" זיינען איבערגעשטעלט געווארען די לאקערס (אינדיווידועלע קליידער אלמערס), וועלכע זיינען פריער געשטאנען ביי די פענסטער פון די „לענטוס". די לענטוס זיינען דורכדעם געווארען שענער און ליכטיגער. אויך זיינען די לענטוס געפארבט און ענאמילירט געווארען.

פאר דער לייברערי, וועלכע געפינט זיך אין דער ערשטער לענטו, זיינען היינטיגען יאר צוגעקויפט געווארען פיל נייע ביכער, וואס זיינען ערשינען אין אידיש.

פארשידענע גרעסערע אדער קלענערע אויסבעסערונגען זיינען אויך געמאכט געווארען אין די אנדערע געביידעס פון סאניטאריום.

פלענער זיינען אויך אויסגעארבעט געווארען צו פארשענערען דעם אויסערליכען אויסזען פון דער אדמיניסטריישאן בילדינג. ביים אריינגאנג פון בילדינג וועט אויפגעבויט ווערען א נייער „פארטש". די דאזיגע ארבעט וועט געמאכט ווערען ענדע אפריל.

צו האבען די וואסער-לייטונג אונטער א בעסערען קאנטראל, און אויסצומיידען די געפאר פון א וואסער-מאנגעל, ווערט איצט אריינגעשטעלט א נייע פאמפ-מאשין, וועלכע וועט באזארגען

# טשיקען פארם

| אייטעמס | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בילדינג ביז דעצעמבער 31, 1921 | — | — | — | — | — | — | $3,286.70 |
| אינקיובייטאר, איוועגס א. ד. גל. | — | — | — | — | — | — | 665.97 |
| **אויסגאבען** | | | | | | | |
| סאלארים און לייבאר — — — — | $ 850.00 | $1,777.46 | $1,483.83 | $1.847.64 | $1,195.72 | $1,915.22 | |
| סופלייעס — — — — — — — | 70.84 | 125.22 | 276.05 | 136.34 | 242.52 | 858.93 | |
| שפייז פאר די טשיקענס — — — | 884.15 | 5,449.78 | 6,424.47 | 4,784.38 | 4,847.17 | 778.88 | |
| קוילען — — — — — — — | 13.20 | — | 82.12 | — | 76.06 | — | |
| אייער געקויפט פאר העטשינג — | 132.00 | 209.53 | 899.00 | 162.00 | 100.00 | 818.64 | |
| טשיקענס געקויפט צוזאמען מיט דעם באלאנס פון פאריגען יאר | — | — | — | 4,828.93 | 7,777.64 | 7,797.06 | |
| סטיישאנערי — — — — — | — | — | — | 25\|00 | 63.84 | — | |
| טאטאל — | $1.899.69 | $7,562.00 | $8,616.47 | $11,784.29 | $14,002.96 | $12,168.68 | |
| **איינגאמע** | | | | | | | |
| פון אייער — — — — — — — | $ 546.07 | $6,121.27 | $8,901.77 | $7,140.79 | $4,805 22 | $3,179.12 | |
| פון טשיקענס — — — — — — | 550.19 | 1,215.59 | 2,956.70 | 3,883.68 | 6,539.91 | 6,545.39 | |
| באלאנסעס דעצעמבער 31־טען — | — | — | 2,764.50 | 1,000.00 | 2,000.00 | 1,675.00 | |
| אומגעקערטע אויסגאבען — — — | — | — | — | 40.55 | — | — | |
| טאטאל — | $1,096.26 | $7,336.86 | $14,622.97 | $12,066.02 | $13,345.13 | $11,399.51 | |
| דעפיציט — — — — | 303.43 | 225.14 | — | — | 657.82 | 769.17 | |
| פראפיט — — — — | — | — | 6,006.50 | 280.73 | — | — | |
| טאטאל — | $1.399.69 | $7,562.00 | $8,616.47 | $11,784.23 | $14,002.95 | $12,168.68 | |

די בילדינגס מיט גענוג וואסער. פארשידענע אויסבעסערונגען זיינען אויך געמאכט געווארען אין באהייצונגס-סיסטעם, אין אינדזשין-רום און טשיקען רענטש א. אז. וו.

## דער לייק

צוליב דער טרוקעניש און אויסערגעוויינליכען וואסער-מאנגעל, פון וועלכע די גאנצע ארומיגע געגענט פון סאניטא-ריום האט לעצטען זומער געליטען, איז אויך אונזער „לייק" האלב אויסגעטריקענט געווארען. אט דער לייק, וואס איז גע-שאפען געווארען מיט 12 יאר צוריק און וועלכער האט צוגע-געבען א געוויסע שיינקייט צום אויסזען פון אונזער אנשטאלט, זעט יעצט אויס ווי א זומפ. דער פלאץ ארום דעם לייק איז א נעסט פון פארשידענע שעדליכע אינזעקטען. דער פלאץ איז פול מיט „סטאמפס" (ווארצלען), וועלכע פוילען, און אין די זומערדיגע היצען גיט עס ניט צו קיין געזונט דעם סאניטאריום.

מיר האבען זיך בעראטען מיט פארשידענע עקספערטען וואס צו טאן מיט דעם לייק. עס זיינען געוועזן מיינונגען, אז מען דארף דעם גאנצען פלאץ וואו דער לייק געפינט זיך אנ-פילען מיט ערד און אין גאנצען ניט האבען קיין לייק; דאס האט אבער געדארפט קאסטען אן ערך פון צווישען דרייסיג און פערציג טויזענט דאלאר.

מיר האבען אנגענומען דעם פלאן, וואס איז רעקאמענדירט געווארען פון פר. י. דריישפיעל, וועלכער איז ארויסגעפארען אין סאניטאריום מיט א צווייטען אינזשעניר און דעם פלאץ גענוי באטראכט און אויסגעמאסטען. דער פלאן באשטייט אין פאל-גענדעס: ארויסצוציען די „סטאמפס", און דאן פארקלענערען דעם שטח פון לייק אזוי, אז די וואסער וואס פליסט פון די ארומיגע בערג און קוואלען זאל צו יעדער צייט זיין גענוג אויפ-צוהאלטען דעם לייק אין זיין גאנצער פולקייט.

הגם די דאזיגע ארבעט איז אויך פארבונדען מיט גרויסע אויסגאבען, האבען מיר דאך אט דעם פלאן אנגענומען, האבענ-דיג אין זינען די נוצען וואס דער לייק ברענגט דעם סאניטא-ריום — זומער מיט זיין שיינעם אויסזען און ווינטער באזארגט ער די אינסטיטוציע מיט אייז פאר א שפאט בילינגען פרייז.

די ארבעט ביים לייק וועט זיך אנפאנגען ארום אנפאנג מאי און וועט ווארשיינליך פארענדיגט ווערען אין מאנאט יולי. ביי אט דער געלעגענהייט ווילען מיר אויסדריקען א הערצ-ליכען דאנק צו פר. דריישפיעל, וועלכער איז אלע מאל גרייט אפצוגעבען זיין צייט און פעאינקייטען פאר די אינטערעסען פון אונזער אינסטיטוציע.

## די אונטערנעמונג פאר דער פיפעלס רעליף

צו אונז האט זיך געווענדעט די פיפעלס רעליף קאמיטע און פארלאנגט מיר זאלען באוויליגען די גראונדס פון סאניטא-ריום פאר א קאנצערט צו גונסטען די מלחמה-קרבנות.

מיר האבען דעם דאזיגען פארלאנג באוויליגט, און זונטאג דעם 28-טען אויגוסט איז דער קאנצערט פארגעקומען. דער קאנצערט איז געווען א גרויסער ערפאלג און האט אריינגעבראכט פאר דער פיפעלס רעליף קאמיטע אריבער דריי טויזענט דאלאר פראפיט.

צום ערפאלג פון קאנצערט האבען אם מערסטען בייגע-שטייערט די פאציענטען פון סאניטאריום, וועלכע האבען זיך פארמירט אין קאמיטעס צו פארקויפען טיקעטס צו די אפטע באזוכער פון סאניטאריום און נעסט פון ארומיגע פארמס. ביז דעם טאג פון קאנצערט איז דורך זייער הילף און איבערגעבענע ארבעט פארקויפט געווארען פאר ארום 2500 דאלאר טיקעטס.

דורך דער הילף פון דער סאניטאריום קאמיטע, און הויפט-זעכליך דורך פר. ר. גוסקין, האבען זיך אין קאנצערט באטיי-ליגט אומענטגעלטליך די פאלגענדע ארטיסטען: חזן מרדכי הירשמאן, און די שוישפילער אהרן לעבעדעוו און סעמועל גאל-דענבורג.

די פיפעלס רעליף קאמיטע האט דורך א דאנק-רעזאלוציע, וואס איז געווען פארעפענטליכט אין אלע אידישע צייטונגען, אויסגעשפראכען א דאנק צו דער סאניטאריום קאמיטע פאר העלפען מאכען דעם קאנצערט פאר אן ערפאלג. א באזונדערע דאנק-רעזאלוציע האט אויך די פיפעלס רעליף קאמיטע אוועק-געשיקט צו די פאציענטען פון א. ר. סאניטאריום.

## דער סאניטאריום-טאג

דעם 12-טען פעברואר איז דער סאניטאריום אלט געווארען צוועלף יאר.

ס'איז שוין אן אלטע טראדיציע אין א. ר., אז דער טאג פון דער ערעפענונג פון אונזער סאניטאריום ווערט אין די ברענ-טשעס, און ביי די מיטגלידער פון א. ר., באטראכט אלס א יום-

### פאלגענדע טאבעלען אנטהאלטען איינצעלהייטען וועגען מיטגלידער וואס האבען געקראגען קאנ-סאמפשאן-בענעפיט אין יאר 1921

| עלטער | צאל מיטגלידער |
|---|---|
| פון 18 ביז 24 יאר — — — — — — — — | 4 |
| פון 25 ביז 29 יאר — — — — — — — — | 7 |
| פון 30 ביז 34 יאר — — — — — — — — | 10 |
| פון 35 ביז 39 יאר — — — — — — — — | 13 |
| פון 40 ביז 44 יאר — — — — — — — — | 5 |
| פון 45 ביז 49 יאר — — — — — — — — | 1 |
| פון 50 יאר און העכער — — — — — — — | 2 |
| טאטאל — — — | 42 |

### לויט זייערע באשעפטיגונגען

| באשעפטיגונג | צאל מיטגלידער |
|---|---|
| אפערייטארס — — — — — — — — — — — | 4 |
| ביזנעס-לייט — — — — — — — — — — | 6 |
| הויז-ארבעטערינס — — — — — — — — | 2 |
| מעטאל ארבעטער — — — — — — — — — | 2 |
| פיינטערס — — — — — — — — — — — | 3 |
| פרעסערס — — — — — — — — — — — | 8 |
| קאטערס — — — — — — — — — — — | 4 |
| קארפענטערס — — — — — — — — — — | 1 |
| קלוירקס — — — — — — — — — — — | 2 |
| שניידערס — — — — — — — — — — — | 13 |
| אנדערע באשעפטיגונג — — — — — — — | 2 |
| טאטאל — — — | 42 |

| ווי לאנג זיי האבען באלאנגט אין ארב. רינג ווען זיי זיינען געווארען קראנק | צאל מיטגלידער |
|---|---|
| צווישען 6 מאנאטען און 1 יאר — — — — — | 7 |
| צווישען 1 יאר און 2 יאר — — — — — | 6 |
| צווישען 2 יאר און 3 יאר — — — — — | 7 |
| צווישען 3 יאר און 4 יאר — — — — — | 4 |
| צווישען 4 יאר און 5 יאר — — — — — | 3 |
| צווישען 5 יאר און 6 יאר — — — — — | 1 |
| צווישען 6 יאר און 7 יאר — — — — — | 3 |
| צווישען 7 יאר און 8 יאר — — — — — | 2 |
| צווישען 8 יאר און 9 יאר — — — — — | 2 |
| צווישען 11 יאר און 12 יאר — — — — — | 2 |
| צווישען 12 יאר און 13 יאר — — — — — | 1 |
| צווישען 13 יאר און 14 יאר — — — — — | 2 |
| צווישען 16 יאר און 17 יאר — — — — — | 1 |
| צווישען 17 יאר און 18 יאר — — — — — | 1 |
| טאטאל — — — | 42 |
| פארהייראטע — — — — — — — — — — — | 37 |
| אומפארהייראטע — — — — — — — — — — | 5 |
| טאטאל — — — | 42 |

טוב. היינטיגען יאר, אזוי ווי אלע יאר, איז דער סאניטאריום-טאג געפייערט געווארען אין פארשידענע שטעט דורך קאנצערטען און מאסענפארזאמלונגען.

אין ניו-יארק איז דער סאניטאריום-טאג געפייערט געווארען אויף א גראנדיעזען אופן. שבת אווענט דעם 4-טען פעברואר האבען א גרויסע צאל מיטגלידער פון דער א. ר. משפחה זיך פארזאמעלט אין קארנעגיע האל און זיך אמוזירט ביי א פראכטפולען קאנצערט, וועלכער איז פון דער סאניטאריום קאמיטע אראנזשירט געווארען. עס האבען אנטייל גענומען: חזן יאסעלע ראזענבלאט, דער וויאליניסט מאקסימיליען פילזער, דער יונגער טאלאנטפולער שוישפילער אליהו טענענהאלץ און דער א. ר. מאנדאלין ארקעסטער אונטער דער לייטונג פון מ. פאפארעלא.

דער קאנצערט איז געווען אן ערפאלג אין אלע הינזיכטען, און דער פראפיט איז איבערגעגעבען געווארען צו דעם פאנד וואס די נאצ. עקז. קאמיטע קלייבט יעצט פאר דער אויסשטאטונג פון א האספיטאל אין סאוויעט-רוסלאנד.

אין סאניטאריום גופא איז דער יום-טוב געפייערט געווארען שבת און זונטאג, דעם 11-טען און 12-טען פעברואר, דורך א קאנצערט און באנקעט, אין וועלכען עס האבען זיך באטייליגט: די בארימטע אידישע שוישפילערינס מאדאם בינה אבראמאוויטש, מאדאם בעסי טאמאשעווסקי, און דער וויאלינסט אייב קופערשטיין. באגריסונגס-רעדען זיינען געהאלטען געווארען פון אלע מיטגלידער פון דער סאניטאריום קאמיטע, פון פר. יאנאס, מיטגליד פון דער נאצ. בארד אף דירעקטארס פון מאסאטשוזעטס סטייט, פון י. באסקין, דר. ס. ב. אנטאנאווסקי, דר. יוליוס האלפערן און פארטרעטער פון דער נאצ. עקז. קאמיטע.

ביי דעם קאנצערט, וואס איז געהאלטען געווארען שבת אווענט, און ביים באנקעט, וואס איז פארגעקומען זונטאג ביי-טאג, האט געהערשט אן אמת יום-טוב'דיגע שטימונג און דער איינדרוק פון אט די צוויי טעג, אין וועלכע עס איז געפייערט געווארען דער 12-טער יובילעאום פון סאניטאריום, וועט בלייבען לאנג אין זכרון ביי די פאציענטען און די געסט וואס זיינען אנוועזענד געווען.

## פארוויילונגען און קאנצערטען

אויסער דעם קאנצערט פאר דער פיפעלם רעליף און דער סאניטאריום-טאג קאנצערט האבען מיר אויך אין פארלויף פון יאר אראנזשירט עטליכע קאנצערטען און פארוויילונגען פאר די פאציענטען.

דעם 30-טען מאי, לכבוד דער אינסטאליישאן פון דער נייער סאניטאריום קאמיטע, איז אין סאניטאריום געהאלטען געווארען א קאנצערט מיט בארימטע קרעפטען פון ניו-יארק.

דעם 4-טען יולי האבען די פאציענטען אפגעהאלטען א „פיק-ניק“ אויף די גראונדס פון סאניטאריום. אין אווענט איז געווען א קאנצערט אין דעם אפענעם פאוויליאן פון סאניטאריום און די פאציענטען האבען זיך אמוזירט אויף א העכסט צופרידענשטעלענדען אופן.

ענליכע קאנצערטען און אונטערהאלטונגען זיינען אויך פארגעקומען דעם 1-טען יאנואר (ניי-יאר אווענט), דעם 14-טען מערץ (פורים) מיט איינינגע קרעפטען פון די פאציענטען, און פאר דעם 13-טען אפריל איז אראנזשירט געווארען א ספעציעלער פסח קאנצערט.

אויסער די דאזיגע קאנצערטען, ווערט אויך יעדען שבת אווענט געציינט „מואווינג פיקטשורס“. די פילמס ווערען יעדע וואך צוגעשיקט פריי אין סאניטאריום פון איינינגע באוואוסטע פילם קאמפאניעס.

מיר ווילען דא אויסדריקען א הערצליכען דאנק צו אלע וואס האבען זיך באטייליגט אין די קאנצערטען און געהאלפען מאכען פרייליכער און מונטערער דעם צייטענווייז מאנאטאנעם לעבען פון אונזערע פאציענטען.

## די מעדיקאל אדווייזארי בארד

איבער פארשידענע וויכטיגע אנגעלעגענהייטען וועגען דער מעדיצינישער זייט פון סאניטאריום, האבען מיר זיך בעראטען מיט דער מעדיקאל אדווייזארי בארד, וועלכע איז צוזאמענגעשטעלט פון פאלגענדע גוט-באקאנטע דאקטוירים: דר. רוש. האלפערן, דר. פרידמאן, דר. אינגערמאן, דר. ראזענטאל, דר. פעסקין און דר. מעק-סוויני.

די מעדיקאל אדווייזארי בארד באזוכט פון צייט צו צייט אונזער אינסטיטוציע אום צו זען וועלכע אויסבעסערונגען עס קענען און דארפען געמאכט ווערען. מיר ווילען באזונדערס דערמאנען די גוטע און איבערגעבענע ארבעט פון דר. דזשוליוס האלפערן, וועלכער איז דער סעקרעטער פון דער מעדיקאל אדווייזרי בארד און דער אדמיטינג און וויזיטינג דאקטאר פון סאניטאריום. זיין איבערגעבענהייט צו די אינטערעסען פון אונזער אינסטיטוציע איז אומשעצבאר. פאר די פילע יארען וואס ער שטייט אין פארבינדונג מיט'ן א. ר. איז אונזער סאניטאריום ביי אים געווארען אזוי טייער, אזוי ווי די אינסטיטוציע וואלט געווען א טייל פון זיין לעבען. זיין ארבעט ווערט פון אונז ווי געהעריג אפגעשאצט און אין נאמען פון אלע איצטיגע און פריערדיגע פאציענטען, ווי אויך אין נאמען פון דער גאנצער פארוואלטונג, דריקען מיר אוים ביי דער געלעגענהייט צו אים אונזער אנערקענונג.

## טשיקען רענטש און פארם

ווי איר וועט זען פון די ציפערען אין איינער פון די טאבעלען אין פארבינדונג מיט אונזער רעפארט, האט דער פארם דעם יאר אריינגעבראכט $476.06. פארקערט ווידער, דער טשיקען רענטש האט געהאט א דעפיציט פון $769.17.

מיר ווילען דאָ דערמאָנען, אז סיי דער טשיקען רענטש און סיי דער פארם ווערען אויפגעהאלטען ניט צוליב פּראָפּיטען, נאָר צוליב דעם אז די פּאציענטען זאָלען האָבען פרישע פארם־פּראָדוקטען זומער צייט, ווי אויך פרישע אייער פאר'ן געברויך פון סאניטאריום. דער דעפיציט פון טשיקען רענטש היינטיגען יאָר איז געקומען הויפּטזעכליך דורך דעם וואָס לעצטען זומער איז געוועזען אן עפּידעמיע אויף טשיקענס און א גרויסער פּראָצענט פון זיי זיינען געפאלען.

עס איז אונזער ערנסטע מיינונג, אז ניט קוקענדיג דערויף וואָס דער טשיקען רענטש און פארם ברענגען אמאָל דעפיציטען, דארפען זיי ווייטער אויפגעהאלטען ווערען, ווייל, ווי געזאָגט, קריגען מיר דורך זיי פרישע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען א נויטווענדיגקייט פאר א סאניטאריום.

שלום

אין דעם דאָזיגען רעפּאָרט האָבען מיר זיך בלויז אָפּגעשטעלט אויף פראגען וואָס טראָגען אן אלגעמיינעם כאראקטער. אָבער דער רעפּאָרט נעמט ווייט ניט ארום אונזער גאנצע טעטיגקייט און די פארשידענע רוטינע ארבעט, מיט וועלכע מיר זיינען געקומען אין טאָג־טעגליכער בארירונג. מיר האָבען זיך אויף די אלע קליינינקייטען ניט געקענט אָפּשטעלען, ווייל עס וואָלט פארנומען צופיל פלאץ.

מיר ווילען ביים שלום פון אונזער רעפּאָרט אויסדריקען אונזער העכסטע צופרידענהייט דאמיט, וואָס אין סאניטאריום האָט געהערשט און הערשט איצט א פולשטענדיגע פריינדליכע שטימונג צווישען די פּאציענטען, אָנגעשטעלטע און דער פארוואלטונג.

ס'איז פּשוט אוממעגליך אז אין א פאמיליע פון 75 אָדער 100 פערזאָן זאָל דער אָדער יענער פון צייט צו צייט ניט ארויסווייזען א געפיל פון אומצופרידענהייט. אָבער אָט די אומצופרידענהייט וואָס מערקט זיך גאנץ זעלטען ביי איינצעלנע פּאציענטען זיינען ניט פון דעם כאראקטער וואָס זאָל שטערען די רוע און אָרדענונג אין סאניטאריום, נאָר זיי זיינען גיכער א רעזולטאט פון דעם ווי אזוי דער פּאציענט איז אויפגעלייגט און געשטימט. אפילו ביי געזונטע מענשען טרעפט אז אין שטונדען ווען מען איז ניט גוט אויפגעלייגט זאָל מען אויף פיל זאכען קוקען מיט אומצופרידענהייט, בפרט ביי קראנקע מענשען, וועלכע זיינען אָפּגעריסען פון דער היים, פון דער באוועגונג און פון שטאָטישען לעבען.

אונזער אדמיניסטראציע האָט זיכער ביינעשטייערט איר חלק צו העלפען שאפען א פריינדליכע און אנגענעמע אטמאָספערע אין סאניטאריום. און מיר האָבען אויך ניט ווייניג געהאָלפען צו ברענגען אונזער אנשטאלט אויף נאָך א העכערער שטופע פון זיין נאָרמאלער אנטוויקלונג.

אין אלע אונזערע האנדלונגען בנוגע דעם סאניטאריום האָבען מיר זיך שטענדיג גערעכענט מיט די אינטערעסען פון דעם אנשטאלט און מיט דעם געזונט און וואוילזיין פון די פּאציענטען.

מיר האָפען אז אונזער טייל ארבעט, וואָס מיר האָבען צוגעגעבען דעם יאָר צו מאכען אונזער סאניטאריום שענער, באקוועמער און הערליכער, וועט פון אייך, דעלעגאטען צו דער 22־טער קאָנווענשאָן, ווי אויך פון דער גאנצער מיטגלידערשאפט, ווי געהעריג אָפּגעשאצט ווערען.

ס א נ י ט א ר י ו ם  ק אָ מ י ט ע  א. ר.

# באַריכט פון מעדיקאל דירעקטאָר

צו דער מעדיקאל אדוויזאָרי באָרד פון א. ר. סאניטאריום

ווערטע פריינד:

ערלויבט מיר איבערצוגעבען פאר אייער באטראכטונג מיין יערליכען באריכט, וועלכער איז באזירט אויף די ציפערען וואָס זיינען געזאמעלט געוואָרען אין פארלויף פון יאָר, ביז דעם 31־טען דעצעמבער 1921. די ציפערען ווערען דאָ אָנגעגעבען.

פאָלגענדעס איז דער סך־הכל פון קייסעס, אויף וועלכען דער אנאליז איז באגרינדעט:

| | |
|---|---|
| צאָל פּאציענטען אין סאניטאריום דעם 1־טען יאנואר 1921 — — — — — — — — — — — — | 54 |
| צאָל פּאציענטען אריינגענומען דורכ'ן יאָר — — — — | 178 |
| סך־הכל — — — — — — — — — | 232 |
| צאָל פּאציענטען אויסגעשריבען דורכ'ן יאָר — — — | 166 |
| פּאציענטען אין סאניטאריום דעם 31 דעצ. 1921 — | 66 |

דער צושטאנד פון די 166 אויסגעשריבענע פּאציענטען, ווען זיי זיינען אריינגענומען געוואָרען אין סאניטאריום, איז געוועזען ווי פאָלגט:

| | | |
|---|---|---|
| ערשטע שטופע (אינסיפּיענט) — — — | 53 | 32 פּראָצ. |
| צווייטע שטופע (מאדערייט אדוואנסד) — | 79 | 48 " |
| דריטע שטופע (אדוואנסד) — — — — | 17 | 10 " |
| קייסעס פון א צווייפעלהאפטער דיאגנאָזע | 17 | 10 " |

אויסגעשריבען זיינען זיי אין פאָלגענדען צושטאנד:

| | | |
|---|---|---|
| קראנקהייט אָפּגעשטעלט — — — — | 82 | 49.4 פּראָצ. |
| אין א פארבעסערטען צושטאנד — — | 41 | 24.7 " |
| אין גאנצען אויסגעהיילט — — — — | 18 | 10.9 " |
| ניט פארבעסערט — — — — — — | 7 | 4 " |
| ניט טובערקולאר — — — — — — | 17 | 10.2 " |
| געשטאָרבען — — — — — — — — | 1 | 0.6 " |
| די דורכשניטליכע צאָל טעג. פאר א פּאציענט אין סאניטאריום — — — — — — — — — | 129.85 | |
| געווינס אין געוויכט פאר א פּאציענט דורכשניטליך — — — — — — — — — — | 12.06 פונט | |

דער עלטער פון די פּאציענטען זיינען געוועזען פון 15 ביז 48 יאָר. די 166 אויסגעשריבענע פּאציענטען זיינען געקומען פון 41 פארשידענע שטעט פון 19 סטייטס.

די דאָזיגע ציפערען באווייזען די הומאניטארע און לעבענסרעטענדע ארבעט, מיט וועלכער דער א. ר. סאניטאריום מעג זוירקליך שטאָלצירען.

דר. יוליוס האלפערן, דער וויזיטינג און אדמיטינג דירעקטאָר, באזוכט דעם סאניטאריום יעדען חודש. ער עקזאמינירט אלע פּאציענטען, וועלכע דארפען אויסגעשריבען ווערען, אזוי גוט ווי אלע צווייפעלהאפטע און קאָמפּליצירטע קייסעס, וועלכע פאָדערען א ספּעציעלע אונטערזוכונג. ער איז אויך דער הויפּטראטגעבער איבער דער אלגעמיינער מעדיצינישער אָפּטיילונג פון סאניטאריום.

אין דער פראגע פון טריטמענט האלט זיך דער סאניטאריום שטרענג קאָנסערוואטיוו און אויסגעהאלטען. עס ווערען נאָר פּראקטיצירט די מעטאָדען, וועלכע האָבען אויסגעהאלטען לאנג־יעריגע פּראָבען און וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אין אלע מאָדערנע סאניטאריומס אין דער גאנצער וועלט. א נייע מעטאָדע פון קורירונג, וואָס איז יעצט אנערקענט געוואָרען אלס זייער א פּראקטישע פאר מאנכע קייסעס, איז די „ארטיפּישעל־ניומאָטהאָראקס" (אָפּשטעלען דורך „איטער" די פונקציע פון דער טייל לונג, וועלכע איז אממערסטען אָנגעגריפען פון טובערקולאר באצילען). יעדער פּאציענט ווערט גאנץ פּאָרזיכטיג עקזאמינירט, און ווען עס ציינגט זיך ארויס אז דער פּאציענט איז פּאסענד פאר דער טריטמענט פון „ניומאָטהאָראקס" און איידער די טריטמענט ווערט אָנגעווענדעט, ווערט די קייס פריער איבערגעגעבען צו דר. האלפערנס באטראכטונג און צושטימונג. אויף אזא אופן ווערט דער וואוילזיין פון יעדען פּאציענט געזיכערט אין יעדער הינזיכט.

ווען דער וועטער איז א גינסטיגער, קריגען אונזערע פּאציענטען דעם בענעפיט פון „העליאָטהעראפּיע" — דעם נאטירליכען היילמיטעל, וואָס איז פון גרויס וויכטיגקייט פאר די טובערקוליז־קראנקע. דער „אלפּיין זון־לאָמפּ" איז איצט, נאָכדעם ווי ער איז פארריכט און אויסגעבעסערט געוואָרען, אין א גוטען ארבעטס־צושטאנד און ווערט געברויכט יעדען טאָג.

דער „עקס־רעי" דעפּאַרטמענט שפּילט א וויכטיגע ראָלע אין דער רוטינער ארבעט פון אונזער סאניטאריום. אן עקס-

רעי אונטערזוכונג ווערט געגעבען יעדען פאציענט בעת ער קומט אריין אין סאניטאריום און אויך דערנאָך, אזוי אָפט ווי עס צייגט זיך ארויס א נויטווענדיגקייט פאר אזא אונטערזוכונג. דער עקס-רעי דעפּארטמענט האָט איצט אלע נייטיגע איינריכטונגען, וואָס גיבען אונז די מעגליכקייט צו נעמען סטעראָסקאָפּבילדער, דורך וועלכע די ברוסט פון פאציענט קען גענוי באטראכט ווערען אין א דרייפאכיגער מאָס. אין אלגעמיין איז דער עקס-רעי דעפּארטמענט אין זיין העכסטער שטופּע פון אנטוויקלונג און איז א וויכטיגער פאקטאָר אין אונזער שטודיום.

אונזער באקטעריאָלאָגישע און פּאטאָלאָגישע לאבאָראטאָריע איז דורכאויס אָפּ-טו-דייט. עס ווערען געברויכט אלע מאָדערנע מעטאָדען און די ארבעט ווערט געטאָן מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט און ווערט פּינקטליך דורכגעפירט.

ווען די ספּיטום (לייכעץ) פון א פאציענט צייגט זיך ארויס צו זיין נעגאטיוו, נאָכדעם ווי זי ווערט 6 מאָל אונטערזוכט, ווערט דערנאָך אָנגעווענדט דער „אנטיפאָרמין טעסט".

דער דעפּארטמענט פאר אויטסיידיגע פאציענטען (דיספּענסערי) איז איצט אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף א מער ריכטיגען און פּראקטישען באזיס, אזוי אז מיר קענען איצט געבען בעסערע באהאנדלונג צו די פילע א. ר. מיטגלידער, וואָס קומען צו אונז פאר מעדיצינישער בעראטונג. עס איז איינגעפירט געוואָרען א קארד-סיסטעם, אויף וועלכע עס ווערט פארצייכענט די „היסטאָרי" פון יעדער קייס, און עס ווערט געהאלטען אויף דעם רעקאָרד פאר שטענדיגער אינפאָרמאציע. עס ווערען אויך געמאכט לאבאָראטאָריע און עקס-רעי אונטערזוכונגען פון די דיספּענסרי קייסעס, ווען מען געפינט פאר נייטיג אזעלכע צו מאכען.

דער דאָזיגער דעפּארטמענט איז אומפארגלייכבאר און איז אגב דער איינציגער אין סאָליוואן קאונטי, און מיר מעגען דערמיט שטאָלצירען.

דורך דעם יאָר האָט דער דעפּארטמענט באהאנדעלט איבער צוויי הונדערט קייסעס.

די סאניטאריום קאָמיטע האָט אויך סאנקציאָנירט די איינריכטונג פון א דענטאל-דעפּארטמענט, וועלכער איז פון גרויס וויכטיגקייט פאר אונזער אינסטיטוציע. עס ווערען איצט געמאכט אלע אראנזשמענטס מט א באוואוסטען דענטיסט, וועלכער וועט איין מאָל, אָדער צוויי מאָל, א וואָך ארויסקומען אין סאניטאריום קורירען די ציין פון די פאציענטען. ווי עס שיינט, וועט קירצליך דער דענטאל קליניק איינגעפירט ווערען אין אונזער סאניטאריום.

אין דער האָספּיטאל געביידע איז אריינגעשטעלט געוואָרען א „טעלעפאָן-בוט" פאר דער באקוועמליכקייט פון די פאציענטען און פון אויטסיידער. דאָס וועט פארלייכטערען די ארבעט פון אָפיס פון סאניטאריום, וועלכער פלעגט געשטערט ווערען דורך דעם וואָס אלע פלעגען זיך באנוצען מיט דעם טעלעפאָן, און עס וועט אויך אָפּשאפען דעם איבעל וואָס פלעגט ארויסקומען פון די פעלערען וואָס די טעלעפאָן קאָמפּאניע פלעגט מאכען אין די טעלעפאָן-בילס פאר לאָנג דיסטענס קאָלס, פאר וועלכע די קאסע פון סאניטאריום האָט אָן אירגענד וועלכען קאָנטראָל געדארפט פיל מאָל באצאָלען.

אין דער צייט ווען אין ליבערטי און אויך אין דער ארומיגער געגענט האָט געהערשט די אינפלוענציע, איז דער סאניטאריום געשטעלט געוואָרען אונטער אן אבסאָלוטען „קאראנטין". די פאציענטען איז ניט ערלויבט געוואָרען צו פאָרען אין שטאָט אריין און אויך ניט ארויסצוגיין ווייט איבער די סאניטאריום גראונדס. איך קען מיט צופרידענהייט באריכטען, אז אין אונזער סאניטאריום איז ניט געווען קיין איין פאל פון דער אינפלוענציע, ניט צווישען די פאציענטען און ניט צווישען די אָנגעשטעלטע.

אין אונזער סטעף איז פארגעקומען אן ענדערונג. מיין פריינד און קאָלעגע, דר. בארענבלאט, וועלענדיג גיין פאר זיך אליין אין פּריוואט פּראקטיס, האָט רעזיגנירט פון זיין אמט אלס אסיסטענט דאָקטאָר. דר. בארענבלאט איז ביי אלעמען געווען באליבט פאר זיין איבערגעבענהייט צו דעם אמט, וועלכען ער האָט געהאלטען אין אונזער אינסטיטוציע א קנאפּען יאָר צייט און מיר ווינשען אים ערפאָלג אין זיין נייער אונטערנעמונג.

אומגעפער א מייל פון דעם „ראָוד", וואָס ציט זיך פון דעם „לייק שאלדריק ראוד" צום סאניטאריום, איז אין אזא שרעקליכען צושטאנד, אז ס'איז מאנכעס מאָל, און ספּעציעל אין שלעכטע וועטערען, פּשוט געפערליך צוצוקומען צום סאניטאריום. דאָס שטיקעל ראָוד ווערט באטראכט אלס דאָס ערגסטע אין גאנצען געגענט, און א גרויסער טייל פון די שטענדיגע אויסגאבען אויף פאררייכטען אונזער אויטאָמאָבילס און קעריזשעס קומט פון דעם וואָס דער ראָוד איז א שלעכטער. די אויסגאבען וואָס עס דארף קאָסטען צו פאררייכטען דאָס שטיקעל ראָוד וואָלטען זיך באצאָלט אלס א גוטער אינוועסטמענט.

דאָס איינשפּארען די אויסגאבען אויף „טיירס" און אנדערע „רעפּייר בילס" פאר אונזערע אויטאָמאָבילען, און דאָס פארלענגערען דעם לעבען פון אונזערע פערד, שוין ניט רעכענדיג די באקוועמליכקייט פון דעם פאָרען, וואָלט זיך אין משך פון דער צייט באצאָלט מער ווי די אויסגאבען פון פאררייכטען דעם ראָוד דארפען באטרעפען.

מיר איז געלונגען צו קריגען די אויפמערקזאמקייט פון די טאון און קאונטרי באאמטע, און ביי א ספּעציעלען מיטינג, וואָס די באאמטע האָבען געהאלטען וועגען דעם צוועק, האָב איך אָנגעגעבען ארגומענטען און זיי באוויזען, אז די טאון און קאונטי באָרד דארף נעמען אין אנבאטראכט די וויכטיגקייט פון אונזער אינסטיטוציע פאר דער געזעלשאפט בכלל און פאר די אינטערעסען פון דער שטאָט ליבערטי בפרט, און זיי דארפען זיין פאראינטערעסירט אין דעם וואוילזיין פון אונזער סאניטאריום און זען עפּעס צו טאָן, אז דער ראָוד זאָל פאררייכט ווערען.

די טאון באָרד האָט איינגעשטימט צו געבען פערציג פּראָצענט פון דער סומע, וואָס עס דארף קאָסטען צו פאררייכטען דעם ראָוד. אויסער דעם האָבען אויך צוויי פארמערס, שכנים, וואָס פאָרען אויך אויף דעם זעלבען ראָוד, פארשפּראָכען קליינע ביישטייערונגען. די סומע וואָס עס וועט אונז קאָסטען וועט איצט ניט זיין קיין צו-גרויסע און עס וועט זיך לוינען אז דער ראָוד זאָל געבראכט ווערען אין אָרדענונג.

ווען דער דאָזיגער רעפּאָרט ווערט געשריבען ערווארט איך צו הערען דעם באשלוס פון דער סאניטאריום קאָמיטע.

איך וועל מיין באריכט לענגער ניט פארציען, ווייל איך בין זיכער, אז די סאניטאריום קאָמיטע, די מענשען וועלכע טראָגען די פאראנטוואָרטליכקייט פון פארוואלטען דעם סאניטאריום, וועלען די פארשידענע אויסבעסערונגען אליין באריכטען צו דער קאָנווענשאָן. איך וויל דאָ אויסדריקען מיין טיפסטע אכטונג און אנערקענונג צו דער סאניטאריום קאָמיטע פאר זייער קאָאָפּעראציע און אונטערשטיצונג, וואָס זיי האָבען מיר געגעבען און האָבען דערמיט מעגליך געמאכט צו פירען די אינסטיטוציע אויף א הארמאָנישען און פרידליכען אופן אין אלע זיינע אָפּטיילונגען.

איך האָב ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען מיינע געפילען פון אכטונג און דאנקבארקייט פאר דער גוטער און ווערטפולער ארבעט, וואָס אונזער וויזיטינג דאָקטאָר, יוליוס האלפערן, גיט אוועק פאר דעם סאניטאריום. איבערגעבען מיט הארץ און נשמה צו די אינטערעסען פון דער אינסטיטוציע, שטענדיג גרייט צו אָפּפערען זיין צייט און זיינע אייגענע באקוועמליכקייטען פאר דעם וואוילזיין פון אונזערע פאציענטען, פארדינט דר. האלפערן ווירקליך דעם נאָמען — „דער פאָטער" פון א. ר. סאניטאריום.

זאָל דאָ אויך פארצייכענט ווערען מיין העכסטער לויב צו די פאציענטען פון סאניטאריום, וועלכע זיינען דער בעסטער טיפּ פון פאציענטען, וואָס מען געפינט ניט אין קיין אנדער אינסטיטוציע. זייער איבערגעבענהייט אלס געטרייע מיטגלידער פון א. ר., זייער געהאָרכזאמקייט און האלטונג אלס פאציענטען, האָבען אָן שום ספק געהאָלפען דעם סאניטאריום צו קענען פארצייכענען אזעלכע גלענצענדע רעזולטאטען.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען, אז ענדליך איז אונז געלונגען צו לעזען די פּראָבלעם פון אויספילען דעם פּלאץ פון אן אסיסטענט מענעדזשער. מר. א. אדלער, וועלכער פארנעמט דעם אמט די לעצטע זעקס מאָנאטען, צייגט זיך ארויס צו זיין העכסט פארטרויענסווערט און איבערגעבען צו די אינטערעסען פון אנשטאלט.

אן אויסדרוק פון דאנק בין איך אויך שולדיג צו אלע אָנגעשטעלטע, וועלכע דערפילען טריי זייערע פליכטען און זיינען שטענדיג גרייט מיט זייער דינסט צו העלפען דעם סאניטאריום אין אלע זיינע באדערפענישען.

מיין טיפסטע און הערצליכסטע אנערקענונג זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערען צו מיין פריינד און קאָלעגע, דר. איידא סלאָאן-אנטאָנאָווסקי, וועלכע איז אזוי פרייוויליג צו געבען אירע פעאיגע דינסטע און מיטהילף צום סאניטאריום.

אין דער צייט ווען דער פּלאַץ פון אַסיסטענט דאָקטאָר איז דורך דר. באַרענבלאַטס רעזיגנאַציע געוועזן וואַקאַנט, האָט זי אויף אַ פאַראַנטוואָרטליכען און ווירדיגען אופן דעם אַמט אויסגעפילט. איר פריינדליכקייט און געמיטליכע באַציאונג צו די פּאַציענטען האָט מיר אַ סך געהאָלפען אָנהאַלטען די אַטמאָספערע, וואָס הערשט אין סאַניטאַריום, און פיל פאַרלייכטערט די פליכטען פון מיין אַמט.

אַכטונגספול אייער,

ד ר. ב. ס. אַ נ ט אָ נ אָ וו ס ק י,

מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט.

# באַריכט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

ה. לאַנג, טשערמאַן

מ. גורעוויטש, ה. בורגין, נ. כאַנין און א. ליעסין

די אַרבעט פון אונזער קאָמיטע איז דעם יאָר געוואָרען פיל שווערער. אונזער טעטיגקייט האָט נאָך אַלץ ניט דערגרייכט דעם מאַקסימום פון איר פאַרשפּרייטונג און פאַרטיפונג. מיר ווערען וואָס אַמאָל מער מיטגעריסען אין נייע קרייזען פון בילדונגס־אַקטיוויטעט. אין אַלגעמיין איז די לאָגיק פון יעדער בילדונגס־טעטיגקייט צו פאַרברייטערען כסדר איר ספערע. איר טענדענץ איז צו פאַנאַנדערצווייגען זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. עס קומען בסדר צו נייע אָפּטיילונגען אין אונזער דעפּאַרטמענט, אַ חוץ דעם, וואָס די פריערדיגע אָפּטיילונגען האַלטען זיך אין איין פאַרגרעסערען. זיי האָבען געפאָדערט אַ מאַסע אַרבעט, אַ מאַסע ענערגיע. ליידער איז אין דעם פּרט אונזער קאָמיטע ניט געווען אויף איר פולער הייך. איין מיטגליד פון דער קאָמיטע, און גראָד דער טשערמאַן, וואָס דאַרף האַלטען אין האַנט אַלע פעדים פון דער אַרבעט, האָט צוליב אַ גאַנצע רייע אורזאַכען, און איבערהויפּט צוליב די וויכטיגע סטרייקס, מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדען, ניט געקענט קומען צו די מיטינגען און ממילא זיך ניט געקענט באַטייליגען אין דער אַרבעט. אַ צווייטער מיטגליד, פּר. א. ליעסין, איז עטליכע מאָל אַ לענגערע צייט קראַנק געווען. אונזער קאָמיטע איז פאַר אַ לענגערע צייט פּאַקטיש באַשטאַנען נאָר פון 3 מיטגלידער. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז דאָס האָט פיל בייגעטראָגען צו דעם, אַז די מיטינגען זאָלען ניט פאָרקומען אַזוי אָפט, ווי זיי האָבען געדאַרפט.

ווען אונזער קאָמיטע איז אַריין אין אַמט, האָט זי גלייך איבערגענומען די ירושה, וואָס איז באַשטאַנען אין אַ דעפיציט פון אַריבער $3000. מיר ווילען בשום אופן ניט אַרויפוואַרפען מיט דעם אַ שאָטען אויף דער פריערדיגער קאָמיטע. דאָס איז ניט איר שולד. דער דעפיציט קלייבט זיך שוין פאַר לאַנגע יאָרען. די אַרבעט פאַרברייטערט זיך און ממילא וואַקסען די הוצאות. דאָס האָט אָבער גלייך אַרויפגעלייגט זיך ווי אַ שווערע משא אויף אונזערע אַקסלען און האָט אונז געשטערט אויף פאַרשידענע אופנים אין אונזער טעטיגקייט. מיר ווייסען, אַז פיל בראַנטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס האָבען זיך צו באַקלאָגען אויף אונז; אַז מיר האָבען זיי ניט גענוג געשטיצט פינאַנציעל אין זייערע עדיוקיישאָנאַל אונטערנעמונגען. מיר זיינען אָבער געווען גערעכט צו זיי און צו אַלעמען. מיר קענען מיט אַ ריינעם געוויסען באַהויפּטען, אַז מיר האָבען קיינעם ניט געקריוודעט. מיר האָבען געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען איינצוטיילען דעם מאָגערען בורזשעט אַזוי, אַז אַלע זאָלען האָבען אם ווייניגסטענס עפּעס.

1) פאַרלאַג טעטיגקייט : דער יאָר איז אין גאַנצען ניט געווען גינסטיג פאַר דעם ביכער־מאַרק. די גרויסע אויסגאַבע, וואָס מיר האָבען געהאַט פון לעצטען יאָר, איז זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען, ווי מיר האָבען פריער גערעכענט. דער קריזיס און די אָפטע סטרייקס האָבען אויסגעביטעלט אונזער עולם. מיר האָבען זיך דעריבער ניט געקענט פאַרמעסטען מיט נייע אונטערנעמונגען אויף דעם געביט. די אַלע ביכער, וואָס מיר האָבען פאָרגעברייט אַרויסצוגעבען דעם יאָר, האָבען מיר ניט אַרויסגעגעבען, מיט דער אויסנאַמע פון 2 : דאָס בוך „פּאָגראָמען אין אוקראַינע“ פון פּראָפ. איליא חפין און דאָס „שפּילבוך פאַר קינדער“ פון י. שטיינבוים. ביידע ביכער האָבען ניט געקענט אָפּגעלייגט ווערען, דאָס ערשטע בוך צוליב דעם, וואָס עס איז אַ צייט־בוך און עס וואָלט פאַרלאָרען אַ טייל פון דער וויכטיגקייט ווען עס וואָלט אָפּגעלייגט געוואָרען אויף נאָך אַ יאָר. דאָס צווייטע, ווייל עס איז נייטיג געווען פאַר אונזערע א. ר. שולען. מיר האָבען פונדעסטוועגען, פאַרשפּרייט אויך דעם יאָר אַ מאַסע ביכער צווישען אונזערע מיטגלידער. אויסער אונזערע אייגענע אויסגאַבען, האָבען מיר אויך פאַרקויפט די אויסלענדישע אויסגאַבען פון די דאָרטיגע אַרבעטער קולטור־אָרגאַניזאַציעס. אַ גרויסע צאָל פון די ביכער איז באַשטאַנען פון ערציערישער ליטעראַטור, וויסענשאַפטליכער, בעלעטריסטיק, און קינדער־ליטעראַטור. מיר האָבען אויך אַרויסגעגעבען אַ ספּעציעלען פּאַמפלעט וועגען די א. ר. שולען, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרען אין 25,000 עקזעמפּלאַרען. עס איז אונז אויך געלונגען צו באַקומען פאַר אונזערע מיטגלידער די געזאַמעלטע ווערק פון א. ליטווין, „אידישע נשמות“, אין 6 גרויסע בענד, פאַר זייער אַ ביליגען פּרייז. דער פּרייז פון דעם סעט איז געווייגליך $10. מיר פאַרקויפען אים צו אונזערע מיטגלידער פאַר $4.

2) דער „פריינד“ : מיר האָבען אויך דעם יאָר געהאַט פיל שוועריגקייטען מיט דער רעגעלמעסיגער אַרויסגעבונג פון „פריינד“. מיר האָבען אים איבערגענומען מיט אַ דעפיציט פון אַרום $6000. אמת, פּאַפּיר איז געוואָרען ביליגער, אָבער די איבעריגע הוצאות פון דרוק, פּרעס, עקספּעדיציע, אַדמיניסטראַציע און רעדאַקציע זיינען געבליבען אַזוי הויך און, אין אַנדערע פּרטים, העכער, ווי אין דעם פריערדיגען יאָר. פונדעסטוועגען, איז אונז געלונגען אַרויסצוגעבען דעם „פריינד“ אין 9 נומערען, פון וועלכע 2 זיינען געווען טאָפּעלטע און איינער אַ דרייפאַכער. מיר האָבען זיך באַמיט אָנצוהאַלטען די זעלבע מיטאַרבעטער און די זעלביגע פאַרשידענאַרטיגקייט אין לעזעמאַטעריאַל, ווי מיר האָבען געהאַט לעצטען יאָר. אין עטליכע פּרטים האָבען מיר נאָך דעם „פריינד“ אויך פאַרבעסערט. מיר האָבען לעצטענס אַ נייע אָפּטיילונג פאַר ביבליאָגראַפיע און רעצענזיעס איבער נייע ביכער.

מיר האָבען אויך אויסגעבעסערט די עקספּעדיציע פון „פריינד“. טראָץ דעם, וואָס עס איז צוגעקומען מיט אַמאָל, דורך דעם זומער, די גאַנצע מיטגלידערשאַפט פון לייבאָר־ליג, האָבען מיר אויך פונדעסטוועגען באַוויזען צו קאָרעגירען אַלע אַדרעסען, וואָס זיינען אונז אַריינגעשיקט געוואָרען פאַר דער גאַנצער צייט. און אויב עס געפינען זיך איצט איינציגע בראַנטשעס, וואָס האָבען זיך נאָך צו באַקלאָגען אויף דער עקספּעדיציע, איז דאָס אין גאַנצען ניט אונזער שולד. אויב די סעקרעטאַרען וועלען אונז רעגעלמעסיג און פּינקטליך אַריינשיקען די נייע אַדרעסען און ענדערונגען, וועט עס זיין די שולד פון דעם פּאָסט אָפּיס און ניט אונזערע. מיר האָבען אין דער עקספּעדיציע אָנגעשטעלט נאָך אַ מענשען, ניט קוקענדיג אויף אונזער גרויסען דעפיציט. מיר האָבען געוואָלט צופרידענשטעלען אַלע אונזערע מיטגלידער, און מיר האָפען אויך, אַז די מיטגלידער וועלען געבען די מעגליכקייט דער נייער קאָמיטע, אַז זי זאָל ניט דאַרפען אָפּערירען מיט דעפיציטען.

3) „קינדערלאַנד“ : מיר האָבען פאָרגעזעצט אַרויסצוגעבען דעם אילוסטרירטען מאָנאַטליכען זשורנאַל פאַר אונזערע קינדער. אויך דאָ האָט אונז געדריקט אַ דעפיציט גלייך פון אָנהייב אָן. מיר האָבען זיך אָבער באַמיט מיט אַלע אונזערע כחות צו פאַרבעסערען און צו פאַרשענערען אים אין די ראַמען פון אונזערע מעגליכקייטען. מיר האָבען צו אים צוגעצויגען אַ רייע נייע ליטעראַרישע קרעפטען. ער איז ערשינען טיילווייז אונטער דער רעדאַקציע פון י. ב. ביילין י. ל. דראַגונסקי און י. שטיינבוים. טיילווייז, אונטער דער רעדאַקציע פון די ערשטע צוויי און פון יעקב לעווין. דער זשורנאַל ווערט איצט צעשיקט צו איין עקזעמפּלאַר אין יעדען א. ר. בראַנטש און אַלע מיטגלידער פון א. ר. קענען קריגען דורך זייער סעקרעטאַר אַ מעגליכקייט צו באַקענען זיך מיט דעם זשורנאַל. איידער זיי שרייבען דאָס אויס פאַר זייערע קינדער.

4) לעקציעס און קורסען : אונזער אַרבעט אויף דעם געביט האָט ניט פיל געליטען פון דעם עקאָנאָמישען קריזיס, ווי מיר אָבען דאָס געקענט פריער דערוואַרטען. מיר האָבען צו־

געקראָגען צו אונזער גרופּע לעקטאָרס די פריינד וולאַדימיר מעדעם, ק. מרמר, און מ. האָלטמאַן. פיל ברענטשעס אין ניו־יאָרק און אומגעגענט האָבען דורך אונז אַראַנזשירט אַ סעריע לעקטשורס פון פאַרשידענאַרטיגע טעמעס. ליידער קענען מיר נאָך אַלץ ניט איבערצייגען אונזערע מיטגלידער אין דער וויכטיגקייט פון מער סיסטעמאַטישע קורסען. מיט דעם האָבען זיך נאָר באַנוצט אַ קליינע צאָל.

מיר האָבען דורכגעפירט אַ גרעסערען טור איבער דער סאַוט, מיטעל־וועסט, נאָרד־וועסט און אַ טייל פון דער איסט מיט פר. מ. האָלטמאַן. ליידער האָבען פיל ברענטשעס ניט אויסגענוצט די געלעגענהייט צו אַראַנזשירען פאַר אים לעקציעס. מיר באַדויערען אויך, וואָס מיר מוזען באַהויפּטען, אַז אייניגע סעקרעטאַרען פון דיסטריקט קאָמיטעס און פון ברענטשעס האָבען אפילו ניט געפונען פאַר נייטיג צו ענטפערען אויף אונזערע ספּעשעל דעליווערי בריף און טעלעגראַפישע אָנפראַגען. אַזאַ באַציאונג האָט פיל געשטערט דעם טור. פונדעסטוועגען, האָבען מיר דורכגעפירט מיט פר. האָלטמאַנען אַ רייע לעקציעס אין פאַרשידענע שטעט, וואָס זיינען מאָראַליש געווען אַ גרויסער ערפאָלג. ווען מיר שרייבען די שורות, גייט נאָך דער טור אָן און וועט זיך פאַרענדיגען דעם 29־טען אפּריל.

פאַר די ווייטערע שטעט אין דער וועסט, וואָס ליגען אויף דעם ברעג פון פּאַסיפיק, האָבען מיר זיך באַנוצט מיט מרס. ה. נ. סאַלוצקי. זי האָט געהאַלטען דאָרט אַ רייע פאָרטראַגען איבער ערציאונג.

אונזערע קולטורעלע אונטערנעמונגען אין ניו־יאָרק זיינען דורכגעפירט געוואָרען צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. די ניו־יאָרקער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָבען דורכגעפירט אַ רייע קאָנצערטען מיט זייער ערפאָלגרייכע רעזולטאַטען. אין אַלגעמיין האָט אונז דאָס יאָר פיל אַרויסגעהאָלפען די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין אונזער אַרבעט און מיר באַנוצען זיך מיט די שורות צו דאַנקען איר האַרצליך פאַר איר ווערטפולער הילף.

מיר האָבען זיך אויך באַמיט צוצוציען די לערער פון די א. ר. שולען צו דער אַלגעמיינער בילדונגס־טעטיגקייט אויף די ערטער. מיר האָבען וועגען דעם אַרויסגעשיקט אַ ספּעציעלען צירקולאַר צו אַלע אונזערע לערער און צו אַלע ברענטשעס פון א. ר., וואו עס געפינען זיך נאָך אונזערע שולען. אין די מערסטע צאָל שטעט, האָט זיך דער פאַרזוך זייער גוט איינגעגעבען. מיר האָבען אַרויסגעשיקט פון אָפיס אַ רייע קאָנספּעקטען פון טעמעס אין אַרבעטער־ און דערציאונגס־פראַגען צו די לערער און צו אַ רייע א. ר. מיטגלידער, וואָס האָבען געפילט, אַז זיי קענען בייטראָגען מיט זייערע פאָרטראַגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונזערע מיטגלידער. ליידער, זיינען געוועזען אייניגע פאַלען, וואו מיר האָבען ניט אַזוי גיך געקענט אַרויסשיקען די פאַרלאַנגטע קאָנספּעקטען צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געוועזען צום גרעסטען טייל געשריבענע מיט דער האַנט, און די צו וועלכע מיר האָבען זיי אַרויסגעשיקט האָבען זיך ניט געאיילט אומצוקערען זיי צו אונז אַזוי שנעל ווי מיר האָבען ערוואַרט.

5) קונסט־אינסטיטוציעס: אויסער די עקזיסטירענדע א. ר. קונסט־אינסטיטוציעס, זיינען צוגעקומען אין אייניגע שטעט נאָך אַ רייע א. ר. כאָרען, אָרקעסטערס און דראַמאַטישע קלובען. ספּעציעל האָט זיך אויף דעם געביט אויסגעצייכענט נואַרק, נ. דזש. זיי האָבען שוין אַ כאָר, אַן אָרקעסטער און אַ דראַמאַטישע גרופּע. אַ נייער כאָר האָט זיך אויך אָרגאַניזירט אין וועסט ניו־יאָרק. דעם 8־טען אַפּריל איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ אין אָפיס פון א. ר. פון די דריי א. ר. כאָרען אין ניו־יאָרק, פּעטערסאָן און נואַרק, מיט דער באַטייליגונג פון דעם סעקרעטאַר פון אונזער קאָמיטע. עס איז אָנגענומען געוואָרען אין פּרינציפּ אַ פאָרשלאַג, אַז אַלע דריי כאָרען זאָלען זינגען, ווי ווייט מעגליך, דעם זעלבען רעפּערטואַר, כדי זיי זאָלען קענען אַרויסטרעטען אויף גרויסע א. ר. אונטערנעמונגען אַלס איין ריזיגער כאָר. אַלע דריי כאָרען צוזאַמען האָבען איבער 150 זינגער. פאַר דער קומענדער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועט בלייבען צו זען, אַז אויך דער וועסט־ניו־יאָרקער א. ר. כאָר זאָל צוגעצויגען ווערען צו דער פאַראייניגונג.

די פרייע אידישע פאָלקס־בינע אין ניו־יאָרק האָט ווידער געהאַט אַ רייע ערפאָלגרייכע פאָרשטעלונגען. ליידער האָט זיך דער סימפאָני אָרקעסטער אין ניו־יאָרק געמוזט אויפלייזען צוליב פינאַנציעלע שוועריגקייטען. דערפאַר, אָבער, האָט זיך אונזער מאַנדאָלין אָרקעסטער נאָך שענער צעבליט. זיינע אַרויסטרעטונגען זיינען אומעטום געלויבט געוואָרען. אין ניו־יאָרק איז אויך דורכגעפירט געוואָרען אַן אינטערעסאַנטער שפּאַציר אין מעטראָפּאָליטאַן קונסט־מוזעאום, געפירט פון פר. שאול ראַסקין. די 2 מוזיק־שולען אין ניו־יאָרק אַנטוויקלען זיך נאָרמאַל, הגם די דאַון־טאַונער מוזיק־שול לעבט איצט דורך אַ שווערען פינאַנציעלען קריזיס. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז מיר האָבען אויך דעם יאָר סובסידירט מיט וויפיל מיר האָבען נאָר געקענט אונזערע א. ר. קונסט־אינסטיטוציעס, וואָס האָבען זיך נאָר צו אונז געווענדעט.

6) ביבליאָטעקען און לייבאָר־לייסעאומס: ווי יעדען יאָר, האָבען מיר אויך דאָס יאָר געשענקט אונזער אויפמערקזאַמקייט צו אונזערע א. ר. ביבליאָטעקען איבער'ן לאַנד. מיר האָבען באַזאָרגט זייערע באַשטעלונגען מיט גינסטיגע קאָנדיציעס און געגעבען זיי שטענדיג די פאַרלאַנגטע אינפאָרמאַציעס. מיר זיינען אויך געשטאַנען צו דינסט די א. ר. לייבאָר־לייסעאומס, וואָס האָבען זיך געווענדעט צו אונז פאַר אַ ראַט. אָפּטמאָל איז אונזערער אַ פאָרטרעטער געפאָרען צו די פייערליכע ערעפענונגען פון נייע א. ר. לייבאָר לייסעאומס. בכלל, אָבער, איז אונז נאָך ביז איצט ניט געלונגען צו באַקומען פון אונזערע לייבאָר־לייסעאומס רעגעלמעסיגע באַריכטען וועגען זייער טעטיגקייט.

## אונזער וויכטיגסטע אָפּטיילונג

7) די א. ר. שולען: עס זיינען צוגעקומען פאַר דעם יאָר נייע 19 א. ר. שולען אין פאָלגענדע שטעט: באַלטימאָר, באָסטאָן, קאַלגאַרי, טשעלסי, דעטראָיט, העמאָנד, לאָס־אַנדזשעלעס, מילוואָקי, מאַנעסען, מאָנטיסעלאָ, 2 אין פילאַדעלפיע, ראָקסברי, סאַן־פראַנציסקאָ, ספּרינגפילד, וואָטערבורי, ווילקעס־באַר, וויניפּעג און די מיטעל־שולע אין ניו־יאָרק. דערפאַר זיינען פאַנאַנדערגעלאָזען געוואָרען, צוליב פינאַנציעלע שוועריגקייטען און צוליב דעם, וואָס עס זיינען ניט געווען גענוג אַקטיווע טוער, 7 שולען אין פאָלגענדע שטעט: ניו־יאָרק, אָרטשאַרד סטריט; שיקאַגאָ, וועסט סייד; אָמאַהאַ; יוניאָן היל; דזשעקסאָנוויל; באָראָ פּאַרק; און איין שולע אין קליוולאַנד. מיר האָבען איצט 58 א. ר. שול־אַנשטאַלטען, אין וועלכע עס גייען שוין אויך אַריין דער א. ר. לערער־סעמינאַר און די 2 ניו־יאָרקער מוזיק־שולען.

די 19 צוגעקומענע שולען זיינען מערסטענטייל גוט אוועקגעשטעלט. צוליב דעם שאַרפען קריזיס, וואָס האָט זיך שלעכט אָפּגערופען אויף די עלטערע שולען, האָבען מיר געמאַכט גרויסע שוועריגקייטען פאַר אונזערע ברענטשעס צו עפענען נייע שולען. וואו נאָר מיר האָבען פאַרדעכטיגט אַז די שולע וועט ניט קענען אויסהאַלטען, האָבען מיר ניט דערלויבט צו עפענען אַ שול. די ברענטשעס האָבען אונז גערופט צושטעלען גענויע פאַקטען, אַז די שולע וועט ניט פאַלען צו פיל צו לאַסט אויף דעם אַלגעמיינעם שול־פאָנד. מיר האָבען מיט אַלע מיטלען געזוכט אָפּצושטעלען דעם דראַנג פון אייניגע שטעט צו עפענען שולען צוליב דעם, ווייל עס איז אין דער מאָדע. ווען ניט אונזער ספּעציעלע פאָרזיכטיגקייט, וואָלטען מיט טאַקע איצט געהאַט נאָענט צו 70 שולען, אָבער דערפאַר וואָלטען זיך אַלע זייער ביטער געראַנגעלט פאַר זייער עקזיסטענץ.

אַט די אַלע 58 שול־אינסטיטוציעס זיינען דירעקט באַדינט און רעגולירט געוואָרען פון אונזער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט. נישט נאָר האָבען מיר אָנגעהאַלטען מיט זיי אַ שטענדיגע קאָרעספּאָנדענץ, געענטפערט אויף זייערע אָנפראַגען, געראַטען זיי אין פאַל פון נויט, באַזאָרגט זייערע באַשטעלונגען, געשיקט לערער, געשיקט רעדנער, אָרגאַניזאַטאָרען, אינספּעקטאָרס, באַזאָרגט זיי מיט שול־מכשירים, מיט קינדער־ליטעראַטור, נאָר מיר האָבען אויך פון צייט צו צייט אויפגעפאָדערט די ברענטשעס, אַז זיי זאָלען העלפען מיט אַלץ וואָס זיי קענען די עקזיסטירענדע א. ר. שולען.

בכלל, איז אונזער שול־אָפּטיילונג אַ גאַנץ באַזונדערע וועלטעל. מיר באַשעפטיגען שוין איצט 78 לערער. עס זיינען אויך באַשעפטיגט אין אייניגע שולען ספּעציעלע פאַרוואַלטער, אָדער סעקרעטאַרען. דער בודזשעט פון אַלע שולען דערגרייכט שוין לאַנג אַריבער אַ פערטעל מיליאָן דאָלער אַ יאָר. עס זיינען געוויס פאַראַן קליינע מלוכה'לאַך אין אייראָפּע, וואָס וואָלטען זיך געוואונשען צו אָבען אַזאַ בודזשעט פאַר זייערע שולען.

צוליב דעם וואָס אין אַ רייע שטעט האָבען די שולען אָנגעהויבען צו ליידען איבער די פּאַרטיי־סכסוכים, האָבען מיר אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אַלע ברענטשעס און אויפגעפאָדערט זיי, אַז אַרום די א. ר. שול־אַרבעט מוזען אַלע, סיי רעכטע,

סיי לינקע, שטיין פאַראייניגט, ווייל אונזערע שולען באַשעפטיגען זיך ניט מיט פּאַרטיי־פּראָגראַמען, נאָר מיט אַן אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער ערציאונג.

**שאַפען לערער**: מיר אָבען נאָך אַלץ ניט דערגרייכט די מדרגה, וואו מיר זאָלען האָבען גענוג לערער, וואָס זאָלען זיין צופרידענשטעלענדע פּעדאַגאָגען און גוטע סאָציאַליסטען אין דער זעלבער צייט. מיר האָבען זיך אפילו ניט יעדען מאָל געקענט באַנוצען מיט די לערער, וואָס זיינען אריבערגעקומען פון ליטע, פּוילען, אוקראַינע און גאַליציע. אַ גרויסען טייל פון זיי קומט זייער שווער אָן צוצופּאַסען זיך צו אונזערע אַמעריקאַנער באַדינגונגען. מיר האָבען דעריבער געהאַט גרויסע שוועריגקייטען צו קריגען פאַר אונזערע נייע שולען פּאַסענדע לערער. מיר רעכענען אָבער, אַז עס געלינגט אונז וואָס ווייטער צו רעקרוטירען אַלץ אַ העכערען קאָנטינגענט לערער. אין דעם פּרט וועט אונז אויך אַרויסהעלפען אונזער לערער־סעמינאַר, וועגען וועלכען מיר וועלען רעדען שפּעטער.

אָפּטמאָל קומט אונז אויס אָפּצוזאָגען לערער צוליב דעם, וואָס די רעזולטאַטען פון זייער אַרבעט זיינען ניט צופרידענשטעלענד. אַמאָל קומט אויס איבערצובייטען לערער פון איין שול אין דער אַנדערער. עס איז אונז אויך אויסגעקומען צו שיקען לערער אויף זייער אַ ווייטען מהלך. אין איין פאַל האָט הוצאות פאַר דעם לערער אַליין אונז אָפּגעקאָסט $110. עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע הוצאות ווערען צום גרעסטען טייל געדעקט פון אונזער שול־פאָנד.

אַפּליקאַנטען פאַר לערער האָבען מיר גראָד זייער פיל. מ'שלאָגט אונז פשוט אָפּ די שוועלען. געוויינליך, רעכענען זיי, אַז עס איז די לייכטסטע זאַך אָנצוקומען אַלס לערער אין אַן אַ. ר. שולע. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבען דערנאָכדעם אַ גרויסע אַנטוישונג. מיר האָבען איינגעפירט אַ ספּעציעלען שריפטליכען עקזאַמען פאַר די נייע אַפּליקאַנטען, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך דערשראָקען און איז אין גאַנצען ניט געקומען. פון די איבעריגע האָבען נאָר 2 אויסגעהאַלטען. עס איז זיך לייכט דעריבער פאָרצושטעלען וויפיל אַרבעט מיר האָבען און וויפיל ענערגיע עס ווערט פאַרלאָרען, ביז מיר קריגען אַרויס איין גוטען לערער פאַר אונזערע שולען.

בכלל מעגען מיר שטאָלצירען מיט אונזערע לערער, וואָס מיר האָבען זיך שוין דערוואָרבען. מיט דער אויסנאַם פון אייניגע, זיינען זיי פאַר אונז צופרידענשטעלענד אין אַלע הינזיכטען. זיי באַטראַכטען ניט זייער אַרבעט אַלס אַ „דזשאָב". זיי באַציען זיך צו איר מיט ליבע. אַנדערע פון זיי קומט אויס אפילו צו לעבען אין דחקות און אין נויט צוליב דעם, וואָס די שול קומט זיי היבשע עטליכע הונדערט דאָלער פון די אָנגעזאַמעלטע ניט־באַצאָלטע שכירות. עס זיינען פאַראַן אייניגע פאַלען וואו עס קומט די לערער איבער $700. ליידער פאַרשטייען ניט אייניגע ברענטשעס ווי אַזוי אָפּצושאַצען אַזאַ טריַיהייט און אַזאַ אידעאַליזם.

**די אויפזיכט איבער די שולען**: די אויפזיכט איבער אונזערע שולען ווערט געפירט דורך די מאָנאַטליכע באַריכטען, וואָס מיר באַקומען פון די שולען. מיר שיקען אַרויס פאַר דעם צוועק יעדען מאָנאַט געדרוקטע באַריכט־בלאַנקען. עס ווערט אויך דערגרייכט אַ געוויסע אויפזיכט דורך אונזער קאָרעספּאָנדענץ מיט די ברענטשעס אָדער דיסטריקט קאָמיטעס אין די שול־ראַיאָנען. אויסער דעם, אָבער, האָבען מיר דעם יאָר געשיקט דירעקטע שלוחים אין די אינטערעסען פון די שולען צו רעדען אָדער צו אָרגאַניזירען, אָדער גאָר צו שליכטען סכסוכים, און, גלייכצייטיג, האָבען זיי באַאָבאַכטעט און אינספּעקטירט די שולע, אַנוועזענד געוועזען ביי די למודים, ביי די זיצונגען פון דער שול־פאַרוואַלטונג און דורכגערעדט זיך מיט די אָרטיגע טוער וועגען דער שול־אַרבעט. מיר האָבען אויף אַזאַ אופן באַזוכט 48 שטעט. עס האָבען זיך אין דער אַרבעט באַטייליגט מ. איווענסקי, י. ב. ביילין ה. בורגין, מ. גורעוויטש, י. דאָראָשקין, מ. האָלטמאַן, נ. כאַנין, ה. לאַנג, יעקב לעווין, י. ראָבערטפ, און דוד שקלאַר. עס האָבען אונז אין דעם פּרט אויך פיל געהאָלפען אונזערע איבעריגע חברים פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

**בודזשעטען פאַר די שולען**: גלייך ווי מיר זיינען אַריין אין אמת, האָבען מיר אויסגעאַרבעט צווישען אַלע אונזערע בודזשעטען, אויך די בודזשעטען פון שול־פאָנד. מיר האָבען געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיג אין אָפּשאַצען די באַדינגונגען אין יעדער שטאָט, אין וועגען און מעסטען די מעגליכקייטען אין יעדער שולע און אויף די סך־הכל'ס האָבען מיר באַזירט אונזערע בודזשעטען. מיר האָבען אויך געהאָלפען פאַרשידענע שטעט אין דער אַראַנזשירונג פון גרעסערע אונטערנעמונגען, אין דער צוגרייטונג פון קרעפטען, אין דער דורכפירונג פון פאַרשידענע לאָקאַלע טעקעס, א. אז. וו.

**שול קאָמיסיע**: מיר האָבען שוין אַזאַ קאָמיסיע, וואָס זאָל צוהעלפען אין דער אָנפירונג מיט דער שול־באַוועגונג, געהאַט אויך לעצטען יאָר. זי איז אָבער דעם יאָר פאַרגרעסערט געוואָרען, און נאָר זי, מיט דער אָנגעזאַמעלטער ערפאַרונג פון פריער, האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט אָנצופירען מיט דער ריזיגער און פאַראַנטוואָרטליכער אַרבעט. אָן איר וואָלטען אונזערע זיצונגען פאַרצויגען געוואָרן אויף 3 מאָל אַזוי לאַנג, ווי זיי זיינען געוועזען — און זיי זיינען געוועזען צימלאָך לאַנג — און עס וואָלט נאָך אַלץ ניט געטאָן געוואָרען בשלמות דאָס, וואָס עס איז געטאָן געוואָרען. די שול־פראַגען זיינען מערסטענטייל פון אַ פאַרוויקעלטען סאָרט און עס פאָדערט זיך אַ זייער נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם שול־וועזען, אַז מען זאָל זיי קענען ווי געהעריג פאַרענטפערען. אָפט פלעגט די שול־קאָמיסיע האָבען זיצונגען 2 מאָל אַ וואָך. איר אַרבעט איז געוועזען אַ שווערע אין אַלע הינזיכטען. זי האָט שטענדיג געהאַט אירע רעקאָמענדאַציעס וועגען יעדער פּראַקטישער, אָדער טעאָרעטישער שול־פראַגע און פאָרגעבראַכט זיי דורך איר סעקרעטאַר (וואָס איז אויך דער סעקרעטאַר פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע) צו אונזער קאָמיטע. מיר באַנוצען זיך מיט דער געלעגענהייט אויסצודריקען צו אַלע אונזערע טוער פון דער שול־קאָמיסיע אַ האַרצליכען דאַנק. זי באַשטייט, אויסער דעם טשערמאַן, פר. יעקב לעווין, און דעם סעקרעטאַר, פר. י. ב. ביילין, פון די פאָלגענדע פריינד: מ. איווענסקי, י. ל. דראַגונסקי, ק. מרמר, נ. פיינערמאַן און ז. שערעשעווסקי (פריינד י. שטיינבוים האָט אין מיטען יאָר רעזיגנירט פון דער קאָמיטע.) זי האָט געהאַט איר האַנט אין אַלע פאַרשלאָגען און אויסבעסערונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין אונזער שול־סיסטעם.

**איסטערן צוזאַמענפאָר פון אונזערע לערער**: מיר האָבען דעם ווינטער געפונען פאַר נייטיג צוזאַמענצורופען אַ איסטערן קאָנפערענץ פון אונזערע לערער. אַ גאַנצע רייע וויכטיגע פראַגען זיינען אויף איר פאַרהאַנדעלט געוואָרען, אויסער דעם וואָס די לערער האָבען זיך אויסגעטוישט מיט זייערע ערפאַרונגען פאַר דער צייט.

**דראַמע קאָנקורס**: כדי צו שאַפען פּאַסענדע איין־אַקטערס, וואָס זאָלען דורכגעפירט ווערען פון אונזערע קינדער אין פאַרשידענע שטעט, האָבען מיר אַרויסגעלאָזען אַ קאָנקורס פאַר קינדער־פּיעסען. דער קאָנקורס קומט נאָך איצט פאָר. פיל אַרבעטען זיינען שוין אַריינגעשיקט געוואָרען און מיר האָפען דורכדעם צו באַקומען אַ שיינעם אויסוואַל פון פּיעסען פאַר אונזערע שולען.

**אַ. ר. קינדער־קלובען**: כמעט אין יעדער שול עקזיסטירט אַ קינדער־קלוב אָדער עטליכע. אין די קלובען ווערען פאַרהאַנדעלט און דיסקוטירט פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען. אין זיי לערנען זיך די קינדער אויס ניט נאָר אַרויסצוטרעטען פאַר אַ גרעסערען עולם רעדען און פאַרטיידיגען אַ געדאַנק, זיי ווערען אויך אין זיי דערצויגען, ווי צו פירען זיך אויף פאַרזאַמלונגען, ווי צו האַלטען זיך אַליין אין אָרדענונג, און לערנען זיך דאָרט, וואָס איז די הויפּט־זאַך, ווי זעלבסטשטענדיג צו דענקען. עס איז פאַרשטענדליך, אַז מיר שטייען אין פאַרבינדונג מיט די אַלע קלובען.

**דער דריטער אַ. ר. שול־צוזאַמענפאָר**: בשעת די שורות פון דעם באַריכט ווערען געשריבען, ווערען געמאַכט אַלע הכנות צו דעם דריטען אַ. ר. שול־צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע. אויף דעם צוזאַמענפאָר וועלען פאַרהאַנדעלט ווערען אַלע וויכטיגע פראַגען, וואָס שטייען איצט פאַר אונזערע שולען. עס זיינען אויך פאָרגעברייט געוואָרען אַ רייע אינטערעסאַנטע רעפעראַטען און מיר האָפען, אַז דער צוזאַמענפאָר וועט אָננעמען אַלע באַשלוסען אין דעם גייסט פון דעם אַ. ר.

**אַ. ר. בילדונגס אויסשטעלונגען**: מיר גרייטען צו 2 אינטערעסאַנטע אויסשטעלונגען פון דער בילדונגס טעטיגקייט פון אַ. ר. איינע וועט זיין אין פילאַדעלפיע אין דעם קאָנטינענטאַל האָטעל אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די אַ. ר. שולען, און איינע אין טאָראָנטאָ אויף דער אַ. ר. קאָנווענשאָן. מיר האָפען, אַז ביידע אויסשטעלונגען וועלען פיל ביַיטראָגען, אַז

# עדיוקיישאַנאַל פאַנד

## איננאַמע און אויסגאַבען פאַר'ן יאָר 1921 אין פאַרגלייך מיט די יאָרען 1917, 1918, 1919 און 1920

| איננאַמע | 1921 | 1920 | 1919 | 1918 | 1917 |
|---|---|---|---|---|---|
| פון דיוס | $8,784.21 | $8,356.59 | $4,885.68 | $4,320.06 | $4,139.54 |
| פאַרלוסט פון געשטראָכענע מיטגלידער | 219.27 | 145.63 | 70.80 | 42.41 | 93.99 |
| איננאַמע פון דיוס | $8,564.94 | $8,219.96 | $4,814.88 | $4,277.65 | $4,045.55 |
| פאַרשידענע איננאַמען פון לעקטשורס | 130.00 | 30.85 | — | — | — |
| נעט איננאַמע | $8,694.94 | $8,241.81 | $4,814.88 | $4,277.65 | $4,045.55 |
| **אויסגאַבען** | | | | | |
| קאָנצערטען | $ 196.37 | $ 572.87 | $ 306.22 | $ 190.14 | $ 17.00 |
| האָלס | 40.00 | — | — | 143.00 | — |
| רײלראָוד פעיר | 1.42 | 15.00 | 16.76 | 23.34 | 6.66 |
| קאָמיטעס | 552.54 | 395.49 | 259.75 | 244.19 | 214.29 |
| לעקטשורס | 635.50 | 515.40 | 636.67 | 1,036.72 | 1,054.87 |
| פרינטינג און סטיישאָנערי | 255.70 | — | 54.00 | 66.30 | 98.97 |
| אַדווערטייזמענטס | 29.00 | 43.75 | 16.00 | 35.58 | — |
| פאַרשידענעס | 722.99 | 1.25 | 13.09 | 74.01 | 22.68 |
| פּאָסטיידזש | 184.58 | 82.59 | 98.82 | 52.04 | 50.19 |
| סעקרעטערס סאַלאַרי | 1,374.67 | 1,300.00 | 979.50 | 567.50 | 630.00 |
| טעלעפאָנס און טעלעגראַמס | 78.59 | 26.09 | 16.23 | 5.25 | 53.74 |
| פראַכט אויסגאַבען | 8.52 | — | .66 | 3.00 | .28 |
| סינגינג אינסטראָקטאָר | — | 529.60 | 450.00 | 650.00 | 675.00 |
| האָדסאָן קאונטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע | — | 8.50 | — | — | 15.00 |
| סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע | 3,908.52 | 3,498.83 | 635.92 | 122.40 | — |
| באַלטימאָרער עדיוקיישאַנל קאָמיטע | 518.35 | 35.00 | 15.00 | 31.00 | — |
| פילאַדעלפיער " " | 85.00 | 176.10 | 175.00 | 125.00 | 235.80 |
| שיקאַגאָער " " | 75.00 | 75.00 | 150.00 | — | 75.00 |
| דעטראָיטער " " | 100.00 | 25.00 | 75.00 | 25.00 | — |
| נוּאַרקער " " | 124.00 | 35.00 | 75.00 | — | — |
| ניו־הייווענער " " | 90.00 | 100.00 | — | — | — |
| פּעטערסאָנער " " | 50.00 | 200.00 | 25.00 | — | — |
| ברידזשפּאָרטער " " | 30.00 | 50.00 | — | — | — |
| מאָנטרעאַלער " " | — | 50.00 | — | — | — |
| סטעמפאָרדער " " | — | 10.00 | — | — | — |
| סענט־לואיסער " " | — | 25.00 | — | — | — |
| וואַשינגטאָנער " " | — | 30.00 | — | — | — |
| פּראָווידענסער " " | 25.00 | 40.00 | 40.00 | — | 25.00 |
| סאַן־פראַנציסקאָר " " | — | 23.65 | — | — | — |
| האַרטפאָרדער " " | — | 11.00 | — | — | 25.00 |
| וועסטטשעסטער " " | 30.00 | 28.50 | — | — | — |
| עדמונטאָנער " " | 40.00 | — | — | — | — |
| ראטשעסטער " " | — | — | 25.00 | 15.00 | 5.00 |
| לאָס־אנדזשעלעס " " | 100.00 | — | — | — | 25.00 |
| טאָראָנטאָ " " | 25.00 | — | 50.00 | — | 50.00 |
| פּיטסבורגער " " | 75.00 | — | 90.00 | | |
| קליוולענדער " " | 50.00 | — | 50.00 | — | — |
| אָלבאַני " " | — | — | 30.00 | — | 15.00 |
| סט. פּאול " " | 25.00 | — | — | — | — |
| באָפאַלאָ " " | — | — | — | — | 15.00 |
| מילוואָקער " " | 40.00 | — | 75.00 | 40.00 | — |
| אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע | 150.00 | — | — | — | — |
| עקסטראַ אָפיס אַרבעט | 71.97 | 4.44 | 10.36 | 4.22 | 1.50 |
| טאָנצען־קלאַס | — | — | — | — | 205.10 |
| סינגינג כאָר | — | — | 96.14 | 90.95 | 53.75 |
| לעסאָנס אין אידיש | — | — | — | 129.10 | — |
| צייט־פאַרלוסט פון קאָמיטעס | — | — | — | 122.75 | — |
| סיינס | — | — | — | 20.00 | 2.50 |
| פּיפּעלס יוניווערסיטי | — | — | — | — | 472.14 |
| פאַראייניגטע אַרבעטער עדיוק. קאָם. | 199.50 | 215.00 | 500.00 | — | — |
| נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג (דאָנײשאָן) | — | — | — | — | 100.00 |
| מואווינג פּיקטשורס | — | — | — | 113.45 | 30.91 |
| אָרקעסטראַ | — | 230.00 | 545.00 | 529.65 | 80.00 |
| דעטראָיט כאָר | — | — | — | 25.00 | — |
| מילוואָקי כאָר | — | — | — | 51.65 | — |
| נאָטען | — | — | — | 51.65 | — |
| מוזיקאַלישע אינסטרומענטען | — | 145.00 | — | 54.00 | — |
| אידישע שולען | — | — | — | 16.00 | — |
| טאָטאַל אויסגאַבען | $9,533.22 | $9,508.06 | $5,509.22 | $4,630.27 | $4,180.38 |
| דעפיציט פאַר'ן יאָר | 3,062.88 | 1,958.35 | 1,264.01 | 911.39 | 776.56 |
| דעפיציט פון פריערדיגע יאָרען | 2,224.60 | 266.25 | 694.34 | 352.62 | 134.83 |
| טאָטאַל דעפיציט | $5,287.48 | $2,224.60 | $1,958.35 | $1,264.01 | $ 911.39 |

„פריינד אייננאַמע און אויסגאַבען פאַר דעם יאָר 1921 אין פאַרגלייך מיט די יאָרען 1917, 1918, 1919 און 1920

| | 1921 | 1920 | 1919 | 1918 | 1917 |
|---|---|---|---|---|---|
| באַלאַנס פון לעצטען יאָר | 79.37 | $ 4,366.89 | $ 2,794.49 | $ 1,436.54 | —— |
| דעפיציט פון לעצטען יאָר | —— | —— | —— | —— | 824.46 |
| **אייננאַמע** | | | | | |
| דיוס פון מיטגלידער | $23,424.56 | $22,284.24 | $19,542.72 | $17,280.24 | $16,558.16 |
| טאָטאַל | $23,503.93 | $26,651.13 | $22,337.21 | $18,716.78 | $15,733.70 |
| פאַרלוסט פון געשטאָרבענע מיטגלידער | 582.87 | 381.02 | 283.12 | 169.64 | 375.52 |
| גרענד טאָטאַל | $22,921.06 | $26,270.11 | $22,054.09 | $18,547.14 | $15,357.98 |
| **אויסגאַבען** | | | | | |
| אַדרעסען פּלייטס | $ 606.80 | $ 102.71 | $ 217.39 | $ 376.17 | $ 235.49 |
| סטיישאַנערי | 97.65 | 196.10 | 125.55 | 37.92 | 106.28 |
| דרוקען דעם „פריינד" | 5,996.70 | 5,676.32 | 5,131.62 | 5,510.11 | 4,494.37 |
| עקספּרעסעדזש און דעליווערי | 856.90 | 660.92 | ,617.18 | 633.76 | 594.87 |
| מיילינג און פּעקינג | —— | 16.50 | 670.28 | 556.67 | 486.26 |
| פּאָסט אָפיס מייל | 1,397.14 | 1,042.34 | 1,232.63 | 1,329.06 | 1,229.20 |
| קאָמיטעס | 307.67 | 289.99 | 197.31 | 155.57 | 118,48 |
| סאַלאַרים | 4,673.25 | 3,834.00 | 2,456.00 | 1,367.00 | 1,344.00 |
| רעדאַקטאָרס סאַלאַרי | 1,560.00 | 1,560.00 | 1,475.00 | 1,057.00 | 1,080.00 |
| עקסטרא אַרבעט | 286.76 | 92.04 | 33.51 | 57.63 | 47.59 |
| שרייבער פאַר אַרטיקלען | 1,995.00 | 855.50 | 750.00 | 593.25 | 239,00 |
| פאַרשידענעס | 100.00 | 137.06 | 114.54 | 71.89 | 32.46 |
| אָפיס רענט | 360.00 | 213.33 | 180.00 | 180.00 | 150.00 |
| עלעקטרישע קראַפט | 50.00 | 50.00 | 50.00 | 50.00 | .50.00 |
| קאָסט | 345.36 | 195.48 | 5.00 | 17.50 | 150.61 |
| מאַשינעריע | 120.00 | 120.00 | 120.00 | 120.00 | 120.00 |
| פאַרריכטען מאַשינעריע | —— | —— | —— | —— | 90.84 |
| פּאַפּיר פאַר דעם „פריינד" | 8,263.21 | 11,093.17 | 4,253.76 | 3,618.14 | 3,211.68 |
| צייטונגען און זשורנאַלען | 89.35 | 40.38 | 47.03 | 12.18 | —— |
| אַדווערטייזינג | 57.50 | 14.90 | 10.40 | 8.80 | —— |
| טאָטאַל אויסגאַבען | $26,363.29 | $26,190.74 | $17,687.20 | $15,752.65 | $13,921.44 |
| אייננאַמע פון פאַרקויף פון אַלטע פּאַפּירען | 10.53 | —— | —— | —— | —— |
| | $26,352.76 | $26,190.74 | $17,687.20 | $15,752.65 | $13,921.44 |
| באַלאַנס | | 79.37 | 4,366.89 | 2,794.49 | 1,436.54 |
| דעפיציט | 3,421.70 | —— | —— | —— | —— |
| גרענד טאָטאַל | $22,921.06 | $26,270.11 | $22,054.09 | $17,547.14 | $15,357.98 |

אונזערע טוער זאָלען זיך באַקענען מיט דעם אויפטו פון א. ר. אויף דעם בילדונגס און ערציאונגס געביט.

שול־וואָך: אין דער לעצטער וואָך פון יאָר 1921 האָבען מיר גלענצענד דורכגעפירט, אין די גרעסטע צאָל שטעט, די שול־וואָך. עס זיינען געמאַכט געוואָרען גרויסע אונטערנעמונגען און זיינען מערסטענס געווען ערפאָלגרייך. אין טאָראָנטא, קאַנאַדע, זיינען אנוועזענד געווען איבער 3000 מענשען אויף דער אונטערנעמונג. אין אַלגעמיין, האָט זיך אונז דער ערשטער באַדייטענדער באַזוך צו פּאָפּולאַריזירען די צילען און די אויפגאַבען פון די א. ר. שולען גוט איינגעגעבען. מיר האָבען אין יענער וואָך אויך פאַרשפּרייט א ספּעציעלען פּאַמפלעט, געשריבען פון יעקב לעווין, וועגען די שולען, וואָס האָט געמאַכט א גוטען איינדרוק.

שול־רעליף פאַר אייראָפּע: מיר האָבען געהאָלפען אויף פאַרשידענע אופנים צו סטימולירען די באַוועגונג אין פאַרשידענע ברענטשעס פון א. ר. איינצושטעלען א רעגעלמעסיגע הילף פאַר די אַרבעטער־שולען אין אייראָפּע. אונזער פאַרטרעטער האָט זיך אויך באַטייליגט אין דער רומענישער הילפס־קאָנפערענץ, וואו ער האָט אויפגעפאָדערט די א. ר. מיטגלידער, אז זיי זאָלען אויך זען העלפען די אַרבעטער שול־אינסטיטוציעס פון רומעניע. מיר האָבען פון די פאָנדען, וואָס מיר האָבען געזאַמעלט לעצטען יאָר דורך די קינדער פון אונזערע שולען, פאַרטיילט פאָלגענדע גרעסערע סומען: צו דער וואַרשעווער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע $1000, צו דער ווילנער $1000, צו דער ביאַליסטאָקער $600, צו דער לאָדזשער $400, און צו די רומעניישע אַרבעטער־אינסטיטוציעס $200. מיר האָבען איצט אויפגעהויבען אויך א קאַמפּיין צווישען אונזערע קינדער־קלובען צו שאַפען פאָנדען פאַר די אידישע אַרבעטער־שולען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אונזער סעקרעטאַר איז אויך געווען פאַרטראָטען אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז גערופען געוואָרען פון די אידישע שרייבער וועגען א אידישען ביכער־קאַמפּיין פאַר רוסלאַנד.

א. ר. לערער־סעמינאַר: פון דעם 18־טען סעפּטעמבער, לעצטען יאָר, גייען אָן די למודים אין דעם א. ר. לערער־סעמינאַר. די סטודענטען לערנען דאָרטען, א חוץ פּעדאַגאָגישע למודים, אויך אידיישע געשיכטע, אידיישע ליטעראַטור, אמעריקאַנער געשיכטע, אמעריקאַנער סיוויקס, געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געשיכטע פון סאָציאַליזם, ענגליש און העברעאיש, ווי אויך געזאַנג. די אינסטרוקטאָרען זיינען: מ. י. אָלגין, ה. בורגין, דר. ב. האָפמאַן, א. ש. זאַקס, דר. ל. כ"ץ, י. לעווין, ל. לעהרער, מ. ליאָוו, ק. מרמר, ש. ניגער, הלל ראָגאָף, ח. שוים און מרס. שובערט. מיר האָבען אָן ענטוזיאַסטישע גרופּע פון ערנסטע סטודענטען. מיר האָבען געעפענט די קורסען מיט 30 תלמידים, אָבער פאַר דער צייט זיינען 8, צוליב פאַרשידענע אורזאַכען, אַרויסגעפאַלען. אויף די קורסען ווערען ניט נאָר צוגעגרייט צוקונפטיגע לערער פאַר די א. ר. שולען, נאָר אויך צוקונפטיגע אינטעליגענטע טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. די גרעסטע צאָל פון זיי באַשטייט פון אינטעליגענטע אַרבעטער, וואָס אַרבעטען א גאַנצען טאָג אין שאַפּ און פאַרברענגען דערנאָכדעם שפּעט אין דער נאַכט אַריין אין לערנען און שטודירען. די קורסען קאָסטען אונז אָפּ פאַר דעם גאַנצען יאָר נאָענט צו $6000, אָבער מיר זיינען זיכער, אז מיר וועלען האָבען פון דעם אינוועסטמענט א גרויסען פּראָפיט, דורכדעם וואָס מיר וועלען שאַפען אין אונזערע רייען בילדונגס־טרעגער פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר האָבען פאַר דעם סעמינאַר א ספּעציעלע פאַרוואַלטונגס קאָמיטע, וואָס באַשטייט

פון די פריינד ה. בורגין, י. ב. ביילין, א. ש. זאקס, און יעקב לעווין. פר. יעקב לעווין איז אָנגעשטעלט געוואָרען אלס דער הויפט־פּארוואלטער, און מיר באנוצען זיך מיט דער געלעגענהייט צו דאנקען אים פאר זיין שווערער און איבערגעגעבער ארבעט.

מיר האָבען דורכגעפירט אָט די פארשידענע ארבעטען פון אַלע אונזערע בילדונגס־אָפּטיילונגען דורך אונזער סעקרעטער, וואָס איז אויך גלייכצייטיג דער רעדאקטאָר פון „פריינד". ער האָט אין גאנצען געהאט צו זיך איין סטענאָגראפער און פאר די לעצטע מאָנאטען אויך א בחור פאר דער עקספּעדיציע.

דורכשניטליך, איז ארויסגעגאנגען פון אונזער בילדונגס־דעפּארטמענט 65 בריף א טאָג. די ארבעט פארגרעסערט זיך בסדר. די פאראנטוואָרטליכקייטען ווערען אַלץ שווערער. מיר זיינען זיכער, אז ניט אַלע זאכען זיינען געטאָן געוואָרען ווי עס האָט געדארפט געטאָן ווערען. אָבער ווען איר וועט באַרעכענען דעם גרויסען פארנעם פון אונזער ארבעט, וועט איר מוזען צוגעבען, אז מיר האָבען געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר אין אונזערע כחות, אז אונזער ארבעט, וואָס איר האָט אונז אָנפאַרטרויט, זאָל געטאָן ווערען ווי ווייט מעגליך פּינקטליך, און אויסשליסליך אין דעם גייסט פון דעם א. ר.

די נאַצ. עדיוקיישאָנאל קאָמיטע.

---

## דעלעגאַטען פון די פּאַרוואַלטענדע קאָמיטעס צו דער צוויי און צוואַנציגסטער קאָנווענשאָן

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע
ר. גוסקין

גריוועגס קאָמיטע
ב. קראָפּקא

אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע
ל. דינערשטיין

פון דער נײישאָנאל באָארד אוו דירעקטאָרס
ל. בענענזאָהן

סאַניטאַריום קאָמיטע
מ. י. אשפּיז

פון דער דזשענעראל מעדיקאל אַדווייזאָרי באָארד
דר. י. א. מעריסאָן

אָפיס קאָמיטע
מ. י. ראָזענבלאַט

פון דער סאַניטאַריום מעדיקאל אַדווייזאָרי באָארד
דר. דזשוליוס האַלפּערן

עדיוקיישאָנאל קאָמיטע
א. ליעסין

סאַניטאַריום מעדיקאל סופּעראינטענדענט
דר. אַנטאָנאָווסקי

בענעפיט קאָמיטע
ס. יאַקאָבי

פראַטוירנאל דעלעגאַטען:
ר. אַש און דזש. קלופּט
ניו־יאָרקער סעמעטערי און פיונעראל דעפּאַרטמענט

# באַריכט פון גענעראַל סעקרעטער

## אלגעמיינער פינאַנציעלער צו שטאַנד פאַר דעם יאָר 1921

| | |
|---|---|
| דאָס גרויס־פאַרמעגען פון ארבעטער־רינג האָט דעם 31־טען דעצעמבער 1921 באטראָפען די סומע פון | $2,096,247.15 |
| דער דאָזיגער פאַרמעגען איז באַשטאַנען פון : | |
| לעדזשער אסעטס | 1,970,449.13 |
| נאָן לעדזשער אסעטס *) | 125,798.02 |
| די לעדזשער אסעטס באַשטייען פון פאָלגענדעס : | |
| בעקרעטערס אקאונט | 5,600.00 |
| מיוניסיפאַל באָנדס נאָמ. ווערט $1,609,700 | 1,502,696.87 |
| ריעל עסטייט און בילדינגס (סאַניטאַריום) | 96,693.19 |
| סייווינגס בענקס דעפּאזיטס און קאָמוירשעל בענקס דעפּאזיטס | 101,889.49 |
| שולדען פון מעמבערס עט לאַרדזש | 1,292.03 |
| סאַניטאַריום פּוירניטשור און לייף סטאָק | 18,400.37 |
| אָפיס פּוירניטשור און פיקסטשורס | 5,831.81 |
| סאַניטאַריום אקאונט פאַר טעגליכע אויסגאַבען | 2,500.00 |
| ברענטש סופּלייס | 4,261.86 |
| שטענדיגע אקאונטס | 266.14 |
| ריאימבוירסמענט אקאונט **) | 917.03 |
| פּלייטס | 3,000.00 |
| „פריינד" מאשינעריע | 1,011.01 |
| גאַראַנטירטע מאָרטגיידזשעס | 158,500.00 |
| שולדען פון ברענטשעס | 52,421.76 |
| פּאַפּיר | 983.41 |
| ביכער 1920 | 14,184.16 |
| ס"ה לעדזשער אסעטס | $1,970,449.13 |

### נאָן לעדזשער אסעטס :

| | |
|---|---|
| אנגעוואַקסענע פּראָצענט אויף באָנדס | $ 18,464.03 |
| אָנגעוואַקסענע פּראָצענט אין סייווינגס בענקס | 825.69 |
| אָנגעוואַקסענע פּראָצענט אויף מאָרטגיידזשעס | 2,130.62 |
| מאַרקעט ווערט פון באָנדס, העכער ווי רעגיסטרירט אין אונזערע ביכער | 69,461.13 |
| דעפּיציט : *** | |
| ביכער פון עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע | 12,510.60 |
| אדמיניסטריישאָן פאָנד | 18,974.25 |
| „פריינד" פאָנד | 3,431.70 |
| סך־הכל | $ 125,798.02 |
| טאָטאַל גרויס־פאַרמעגען | 2,096,247.15 |

אין דעם נעט פאַרמעגען איז אריינגערעכענט די סומע פון $137,486.13, וועלכע די אינשורענס דעפּאַרטמענט פון דער רעגירונג אנערקענט ניט אַלס אסעטס. די דאָזיגע סומע באַשטייט פון די פאָלגענדע אייטעמס :

| | |
|---|---|
| שולדען פון מעמבערס עט לאַרדזש | 1,292.03 |
| סאַניטאַריום פּוירניטשור און לייף סטאַק | 18,400.37 |
| אָפיס פּוירניטשור און פיקסטשורס | 5,831.81 |
| ווײַנטרויב ריאימבוירסמענט אקאונט | 917.03 |
| „פריינד" מאשינערי | 1,011.01 |
| דעפּיציט אין אדמיניסטריישאָן פאָנד | 18,974.25 |
| ברענטש סופּלייס | 4,261.86 |
| ביכער פון עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע | 12,510.60 |
| פּלייטס | 3,000.00 |
| שטענדיגע אקאונט | 266.14 |
| שולדען פון ברענטשעס | 52,421.76 |
| פּאַפּיר | 983.41 |
| ביכער | 14,184.16 |
| „פריינד" פאָנד | 3,431.70 |
| סך־הכל | $ 137,486.13 |
| ארונטעררעכענענדיג אונזערע שולדען | 95,649.57 |
| פון גרויס־פאַרמעגען בלייבט אונז א נעט פאַרמעגען פון | 2,000,597.58 |
| אין פאַרגלייך מיט ענדע יאָר 1920, ווען מיר האָבען געהאַט א נעט פאַרמעגען פון | 1,487,003.71 |
| האָבען מיר דעם 31־טען דעצעמבער, 1921, געהאַט א נעט צוּוואוקס פון | 513,593.87 |

### איינצעלהייטען וועגען די פאַרשידענע פאָנדס און אינוועסטמענטס

### באָנדס :

| | |
|---|---|
| אין פארלויף פון יאָר האָבען מיר געקויפט פאַר $407,500.00 באָנדס, פאַר וועלכע מיר האָבען באַצאָלט, אויסער דעם אָנגעוואַקסענעם פּראָצענט, די סומע פון | $ 388,659.42 |
| דעם 1־טען יאַנואַר 1921 האָט דער מארק־ווערט פון אונזערע באָנדס באטראָפען די סומע פון | 1,114,037.45 |
| סך־הכל | $1,502,696.87 |
| מאַנכע פון אונזערע באָנדס זיינען ענדע יאָר פאַרגרעסערט געוואָרען אין פּרייז אויף דער סומע פון | 69,461.13 |
| נעט ווערט פון אונזערע באָנדס אם ענדע יאָר 1921 | $1,572,158.00 |

דורכשניטליכע קאָסטען פער מיטגליד פאַר מענעדזשען דעם ארב. רינג

| יאָרען | געלד |
|---|---|
| 1910 | 0.75 |
| 1911 | 1.00 |
| 1912 | 1.22 |
| 1913 | 1.29 |
| 1914 | 1.27 |
| 1915 | 1.38 |
| 1916 | 1.22 |
| 1917 | 1.42 |
| 1918 | 1.39 |
| 1919 | 1.59 |
| 1920 | 1.58 |
| 1921 | 1.83 |

פון יעדען דאָלאַר, וואָס מיר האָבען אריינגענומען אין 1921, האָבען מיר אויסגעגעבען 63. [illegible]

---

*) צו נאָן לעדזשער אסעטס געהערען אזעלכע סומען, וועלכע זיינען נאָך ניט אריינגעטראָגען געוואָרען אין די ביכער אם ענדע דעם יאָר.

**) דאָס איז א טייל פון די געלדער, וואָס ווײַנטרויב האָט פאַרנומען.

***) די דעפּיציטען אין וועלכען ניט איז פאָנד ווערען גערעכענט אַלס חוב, וואָס דאַרף באַצאָלט ווערען צום ארבעטער־רינג, פון וועלכער עס איז קוועלע, צי פון אַן אסעסמענט, אָדער פון א סוירפּלוס פון דעם נעקסטען יאָר, און דעריבער ווערט עס פאַרשריבען אַלס אַן אסעט.

## פאַרוואַלטונגס אויסגאַבען

| | 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|---|
| רענט פאַר אָפיס און באַלייכטונג — — — — — — — — | $ 2,388.00 | $ 3,036.63 | $ 4,000.00 |
| געהאַלט — — — — — — — — — — — — — | 25,406.32 | 32,722.85 | 35,224.70 |
| עקסטראַ אָפיס אַרבעט — — — — — — — — — | 783.54 | 557.89 | 596.52 |
| פאַרשידענעס (וואַסער, קאָפּס, האַנטיכער, א. אַז. וו.) — — — | 1,297.66 | 1,829.52 | 1,473.54 |
| אָפיס איינריכטונגען — — — — — — — — — | 56.00 | — | — |
| אינשורענס פּאָבליקיישאָנס — — — — — — — — | 53.48 | 113.37 | 121.75 |
| פייער און אַנדערע אינשורענס — — — — — — — | 375.87 | 172.35 | 323.39 |
| אינשורענס דעפּאַרטמענט — — — — — — — — | 802.00 | 1,117.81 | 1,170.00 |
| קאָמיטעס אויסגאַבען — — — — — — — — — | 327.47 | 603.92 | 487.93 |
| פּאָסטיידזש — — — — — — — — — — — | 1,832.84 | 1,820.67 | 2,458.75 |
| פּרינטינג — — — — — — — — — — — — | 1,386.68 | 3,198.10 | 2,226.30 |
| אַדווערטייזמענטס — — — — — — — — — — | 1,685.56 | 1,504.50 | 2,068.95 |
| שרייב־מאַטעריאַל און ביכער — — — — — — — — | 1,205.34 | 3,041.59 | 1,235.29 |
| מעבעל און איינריכטונגען — — — — — — — — | 484.26 | 578.12 | 647.98 |
| טעלעפאָן און טעלעגראַף — — — — — — — — | 453.35 | 474.31 | 768.36 |
| לאָמפּען — — — — — — — — — — — — — | 233.01 | 252.85 | 8.14 |
| רייזע־קאָסטען — — — — — — — — — — — | 133.13 | 339.96 | 560 28 |
| ליגעל סוירוויס — — — — — — — — — — — | 2,000.00 | 3,159.00 | 7,417.85 |
| נעשאָנאַל באָרד אוו דירעקטאָרס — — — — — — — | 1,186.25 | 2,865.78 | 3,598.19 |
| מעדיצינישע באַראַטונג — — — — — — — — — | 40.50 | 72.25 | 29.50 |
| אודיטינג דעפּאַרטמענט — — — — — — — — — | 2,165.69 | 3,323.68 | 3,863.07 |
| אָפיסערס באָנדס — — — — — — — — — — | 28.00 | 28.00 | 22.00 |
| אוידיטאָר און עקטשוערי — — — — — — — — | 1,100.00 | 2,137.25 | 3,296.08 |
| עקספּרעסעדזש — — — — — — — — — — — | 12.91 | 16.81 | 55.08 |
| טשעק קאָלעקשאָנס — — — — — — — — — — | 187.46 | 333.12 | 455.00 |
| סטאַטיסטישע ביוראָ — — — — — — — — — | 1,361.00 | 2,516.60 | 2,652.00 |
| גיי וועגס קאָמיטע — — — — — — — — — | 657.72 | 926.28 | 900.99 |
| בענעפיט קאָמיטע — — — — — — — — — — | 676.11 | 1,024.08 | 953.88 |
| אָפיס קאָמיטע — — — — — — — — — — — | 516.27 | 820.26 | 971.21 |
| פּלענער פאַר אַן אָפיס געביידע — — — — — — — | — | — | 128.70 |
| סך־הכל פאַרוואַלטונגס־אויסגאַבען — — — — — — | $48,836.42 | $68,387.55 | $77,715.43 |

## אונזערע הויפּט פאָנדס

### 1. רעזערוו פאָנדס

דער רעזערוו פאָנד האָט דעם 1־טען יאַנואַר
1921 באַטראָפען — — — — — — — — $ 989,377.31
דעם 31־טען דעצעמבער 1921 — — — — — 1,170,228.60
צואוואוקס פאַר דעם יאָר — — — — — — — 180,851.29
די איינגאָמען פאַר אָט דעם פאָנד זיינען גע־
קומען פון:
איינטריטס־געלט פון נייע מיטגלידער — — — 20,162.00
33 און א האַלב פּראָצענט פון מאָרטשוערי פאָנד 113,608.56
פּראָצענט פון סיווינגס בענק — — — — — 3,240.58
פּראָצענט פון באָנדס — — — — — — — — 50,604.95

פאַרגרעסערונג אין מאַרקעט פּרייז פון באָנדס
אין אָנפאַנג פון יאָר 1921 — — — — — $ 2,891.50
פּראָצענט פון מאָרטגיידזשעס — — — — — 5,183.70
לייבאָר־ליג — — — — — — — — — — 16,500.00

סך־הכל — — — — — — — $ 212,191.29

פון דעם ווערט אַרונטערגערעכנט פאָל־
גענדעס:
פאַרקלענערונג אין מאַרקעט פּרייז פון באָנדס 31,340.00
אַרונטעררעכנענדיג די אויסגאַבען פון די איינ־
נאַמען, בלייבט פאַר דעם יאָר 1921 א ריי־
נער צואוואוקס אין רעזערוו פאָנד די סומע
פון — — — — — — — — — — — — 180,851.29

### 2. טויטען־בענעפיט (מאָרטשוארי פאָנד)

די אַסעסמענטס פאַר דעם טויטען־בענעפיט פאָנד אין יאָר 1921 זיינען געווען ווי פאָלגט:

מאָרטשוערי פאָנד (טויטען־בענעפיט פאָנד) לויט קלאַס און עלטער
(ווען אַריינגעטראָטען אין אַרבעטער־רינג)

| עלטער | קל. „א" | קל. 1 | קל. 2 | קל. 3 | קל. 4 |
|---|---|---|---|---|---|
| 18 | 2.60 | 1.04 | .52 | .52 | .26 |
| 19 | 2.70 | 1.08 | .54 | .54 | .27 |
| 20 | 2.80 | 1.12 | .56 | .56 | .28 |
| 21 | 2.90 | 1.16 | .58 | .58 | .29 |
| 22 | 3.00 | 1.20 | .60 | .60 | .30 |
| 23 | 3.10 | 1.24 | .62 | .62 | .31 |
| 24 | 3.20 | 1.28 | .64 | .64 | .32 |
| 25 | 3.30 | 1.32 | .66 | .66 | .33 |
| 26 | 3.40 | 1.36 | .68 | .68 | .34 |
| 27 | 3.50 | 1.40 | .70 | .70 | .35 |
| 28 | 3.60 | 1.44 | .72 | .72 | .36 |
| 29 | 3.70 | 1.48 | .74 | .74 | .37 |
| 30 | 3.90 | 1.56 | .78 | .78 | .39 |
| 31 | 4.00 | 1.60 | .80 | .80 | .40 |
| 32 | 4.20 | 1.68 | .84 | .84 | .42 |
| 33 | 4.30 | 1.72 | .86 | .86 | .43 |
| 34 | 4.50 | 1.80 | .90 | .90 | .45 |
| 35 | 4.70 | 1.88 | .94 | .94 | .47 |
| 36 | 4.90 | 1.96 | .98 | .98 | .49 |
| 37 | 5.10 | 2.04 | 1.02 | 1.02 | .51 |
| 38 | 5.30 | 2.12 | 1.06 | 1.06 | .53 |
| 39 | 5.50 | 2.20 | 1.10 | 1.10 | .55 |
| 40 | 5.70 | 2.28 | 1.14 | 1.14 | .57 |
| 41 | 6.00 | 2.40 | 1.20 | 1.20 | .60 |
| 42 | 6.20 | 2.48 | 1.24 | 1.24 | .62 |
| 43 | 6.50 | 2.60 | 1.30 | 1.30 | .65 |
| 44 | 6.80 | 2.72 | 1.36 | 1.36 | .68 |
| 45 | 7.20 | 2.88 | 1.44 | 1.44 | 72. |
| 46 | 7.70 | 3.08 | 1.54 | 1.54 | .77 |
| 47 | 8.10 | 3.24 | 1.62 | 1.62 | .81 |
| 48 | 8.60 | 3.44 | 1.72 | 1.72 | 86 |
| 49 | 9.10 | 3.64 | 1.82 | 1.82 | .91 |
| 50 | 9.60 | 3.84 | 1.92 | 1.92 | .96 |

די איינצאמען פאר דעם דאזיגען פאנד זיינען געקומען פון:

| | |
|---|---|
| דיוס | $ 331,566.36 |
| פראצענט פון גארדיענשיפ אקאונט | 386.24 |
| לייבאר־ליג | 5,568.42 |
| סך־הכל | $ 337,521.02 |

אויסגאבען:

| | |
|---|---|
| 33 און א האלב פראצ. פאר דעם רעזערוו פאנד | $ 113,608.56 |
| אויסגעצאלטע טויטען קליימס | 82,029.50 |
| סך־הכל | $ 195,638.06 |
| דער סוירפלוס אין טויטען־בענעפיט פאנד פאר דעם יאר 1921 באטרעפט | 141,882.96 |
| צוזאמען מיט דעם באלאנס פון לעצטען יאר, וועלכער האט באטראפען | 215,840.86 |
| אין דער טאטאל באלאנס | $ 357,723.82 |
| נעגען אט דעם באלאנס האבען מיר שולדען פאר טויטען־בענעפיט | 59,233.92 |
| דער נעט סוירפלוס אין טויטען־בענעפיט פאנד ענדע יאר 1921 באטרעפט אלזא | $ 298,489.90 |

3. קראנקען און קאנסאמפשאן בענעפיט פאנד

| | |
|---|---|
| די איינצאמע פון קראנקען־בענעפיט פאנד, צו וועלכען מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאס האבען געצאלט צו 90 סענט א קווארטאל, האט באטראפען, ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון געשטראכענע מיטגלידער | 256,965.27 |
| לייבאר ליג | 10,800.71 |
| סך־הכל | $ 267,765.98 |
| די אויסגאבען פאר קראנקען־בענעפיט האבען באטראפען | 183,723.00 |
| דער סוירפלוס אין אט דעם פאנד פאר דעם יאר 1921 איז אלזא געווען | $ 84,042.98 |
| באלאנס פון יאר 1920 | 105,181.65 |
| דער סוירפלוס ענדע 1921 איז | $ 189,224.63 |
| די איינצאמע פאר דעם קאנסאמפשאן בענעפיט פאנד, צו וועלכען די מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאס האבען געצאלט צו 10 סענט א קווארטאל, האט באטראפען, ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון געשטראכענע מיטגלידער | 28,676.87 |
| לייבאר־ליג | 88.56 |
| סך־הכל | $ 28,765.43 |
| די אויסגאבען זיינען געווען | 19,854.92 |
| פאר דעם יאר 1921 בלייבט א סוירפלוס פון | $ 8,910.51 |
| צוזאמען מיט דעם באלאנס פון פריערדיגע יארען | 47,477.13 |
| האבען מיר דעם 31־טען דעצעמבער 1921 געהאט א סוירפלוס אין דעם קאנסאמפשאן־בענעפיט פאנד אויף א סומע פון | $ 56,387.64 |

4. די סאניטאריום פאנדס

די סאניטאריום פאנדס, וועלכע באשטייען פון דעם אויפהאלטונגס פאנד און דעם בילדונגס פאנד, האבען דעם 31־טען דעצעמבער 1921 באטראפען:

א. דער אויפהאלטונגס פאנד

איינצאמע:

| | |
|---|---|
| דיוס פון מיטגלידער, ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון געשטראכענע מיטגלידער | $ 86,017.82 |
| פון דזשענעראל אפיס פאר פאציענטען | 23,701.94 |
| פאר שפייז־פראדוקטען און אנדערעס | 792.83 |
| פון לייבאר־ליג פאציענטען | 702.87 |
| סוירפלוס פון יובילעאום | 85.69 |
| סך־הכל איינצאמע | $ 111,481.15 |
| אויסגאבען | 106,754.54 |
| סוירפלוס פאר'ן יאר 1921 | $ 4,726.61 |

ב. דער בילדינג פאנד

די איינצאמע פון דעם סאניטאריום בילדינג פאנד איז געווען צו 10 סענט א קווארטאל פון די מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאס:

| | |
|---|---|
| די דיוס האט באטראפען, ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון געשטראכענע מיטגלידער | $ 28,677.74 |
| דעפאזיטס | 695.30 |
| פון דאניישאנס | 20.00 |
| 10 פראצענט דיפרישיאיישאן פון פוירניטשור און פיקסטשורס | 1,962.30 |
| פאר לייף סטאק, פארקויפט | 841.81 |
| סך־הכל איינצאמע | $ 32,197.15 |
| באלאנס פון לעצטען יאר | 24,661.23 |
| סך־הכל | $ 56,858.38 |
| אויסגאבען | 1,227.86 |
| ארונטעררעכענענדיג די אויסגאבען פון די איינצאמען האבען מיר, אלזא, דעם יאר א באלאנס אין דעם בילדינג פאנד אויף דער סומע פון | $ 55,630.52 |

5. אדמיניסטריישאן פאנד

דער נעט איינקונפט פאר אט דעם פאנד, ארונטעררעכענענדיג דעם פארלוסט פון געשטראכענע מיטגלידער איז באשטאנען פון פאלגענדעס:

| | |
|---|---|
| דיוס פון מיטגלידער פו ערשטער, צווייטער און פערטער קלאס צו 20 סענט א קווארטאל | $ 58,759.74 |
| דיוס פון דריטע קלאס מיטגלידער | 2,988.00 |
| טראנספערס פון מיטגלידער צו 25 סענט | 445.50 |
| רענט פאר פלענס פון ברענטשעס | 111.00 |
| פראפיט פון ברענטש סופלייס | 355.13 |
| נאטארי פאבליק | 15.45 |
| רענט פון סעמעטערי, מעדיקאל און „פריינד" דעפארטמענטס | 1,200.00 |
| לייבאר־ליג | 886.29 |
| נעט איינצאמע | $ 64,761.11 |
| אויסגאבען | 77,715.43 |
| דעפיציט פאר דעם יאר 1921 | $ 12,954.32 |
| דעפיציט ענדע יאר 1920 | 6,019.93 |
| טאטאל דעפיציט ענדע יאר 1921 | $ 18,974.25 |

## 6. „פריינד“ פאָנד

די איינקונפט פון אונזער מאָנאַטליכען זשורנאַל, „דער פריינד“, באַשטייט פון די דיוס פון מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַסען, וועלכע צאָלען צו 8 סענט אַ קוואַרטאַל.

| | |
|---|---|
| די איינגאַמע, אַרונטעררעכענענדיג דעם פאַרלוסט פון געשטראָכענע מיטגלידער, האָט פאַר דעם יאָר 1921 באַטראָפען | $ 22,841.69 |
| אויסגאַבען | 26,352.76 |
| דעפיציט | $ 3,511.07 |
| צורעכענענדיג דעם באַלאַנס פון לעצטען יאָר, וועלכער האָט באַטראָפען | 79.37 |
| בלייבט אַ דעפיציט אַם ענדע יאָר 1921 | $ 3,431.70 |

(פאַר מער איינצעלהייטען וועגען „פריינד“ פאָנד זע דעם באַריכט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.)

## 7. אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד

די איינקונפט פון אָט דעם פאָנד איז באַשטאַנען פון די אַסעסמענטס, וואָס יעדער מיטגליד פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַסען האָבען געצאָלט צו 4 סענט אַ קוואַרטאַל.

| | |
|---|---|
| די נעט איינגאַמע פון די דיוס און אַ ספּעשעל אַסעסמענט האָט באַטראָפען | $ 14,966.23 |
| אויסגאַבען: אַלגעמיינע און דיסט. קאָמיטעס | 12,378.15 |
| סוירפּלוס פאַר דעם יאָר 1921 | $ 2,588.08 |
| דער דעפיציט פון לעצטען יאָר איז געווען | 2,288.32 |
| בלייבט אַ באַלאַנס אַם ענדע פון יאָר 1921 | $ 299.76 |

(פאַר מער איינצעלהייטען זע דעם באַריכט פון דער אָרג. קאָמ.)

## 8. עדיוקיישאָנאַל פאָנד

די איינקונפט פון עדיוקיישאָנאַל פאָנד איז באַשטאַנען פון די דיוס צו 3 סענט אַ קוואַרטאַל, וואָס די מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַסען האָבען געצאָלט.

| | |
|---|---|
| די איינגאַמע איז אין יאָר 1921 געווען | $ 8,564.94 |
| אויסגאַבען זיינען געווען | 9,403.22 |
| אַ דעפיציט, אַלזאָ, פון | $ 838.28 |
| דעפיציט פון לעצטע יאָרען | 2,224.60 |
| בלייבט אַ דעפיציט אַם ענדע יאָר 1921 | $ 3,062.88 |

## 9. קאָנסטיטושאָן פאָנד

די מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַסען צאָלען איין ביים אַריינטרעטען אין אַ. ר. צו 15 סענט פאַר דעם קאָנסטיטושאָן פאָנד. דאָס באַרעכטיגט יעדען מיטגליד צו אַ מעמבערשיפּ סערטיפיקייט און אַ קאָפּיע פון אונזער קאָנסטיטושאָן ביים אַריינטריט און אויך יעדען מאָל, ווען די קאָנסטיטושאָן ווערט אַמענדירט און ווערט איבערגעדרוקט.

| | |
|---|---|
| די איינגאַמע פאַר'ן יאָר 1921 האָט באַטראָפען | $ 1,179.40 |
| באַלאַנס פון לעצטען יאָר | 7,930.20 |
| סך־הכל | $ 9,109.60 |
| די אויסגאַבען האָבען באַטראָפען | 652.70 |
| באַלאַנס אַם ענדע פון יאָר 1921 | $ 8,456.90 |

## 10. קאָנווענשאָן פאָנד

די איינקונפט פון אָט דעם פאָנד איז באַשטאַנען פון די אַסעסמענטס, וואָס יעדער מיטגליד פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַסען האָבען געצאָלט צו 12 סענט אַ קוואַרטאַל.

| | |
|---|---|
| די איינגאַמע פון דיוס איז געווען | $ 34,248.30 |
| ספּעשעל אַסעסמענט | 35,141.95 |
| סך־הכל | $ 69,389.25 |
| אויסגאַבען | 57,563.00 |
| באַלאַנס | $ 11,826.25 |
| דעפיציט פון לעצטען יאָר | 6,840.74 |
| באַלאַנס אַם ענדע יאָר 1921 | $ 4,985.51 |

## 11. אַ. ר. שולען

די איינקונפט פאַר די אַ. ר. שולען איז באַשטאַנען פון די דיוס צו 8 סענט אַ קוואַרטאַל, וואָס די מיטגלידער פון ערשטער, צווייטער און פערטער קלאַסען האָבען געצאָלט.

| | |
|---|---|
| די איינגאַמע איז אין יאָר 1921 געווען | $ 24,517.31 |
| אויסגאַבען זיינען געווען | 23,461.04 |
| אַ באַלאַנס, אַלזאָ, פון | $ 1,056.27 |
| באַלאַנס פון לעצטען יאָר | 2,080.98 |
| בלייבט אַ באַלאַנס אַם ענדע יאָר 1921 | $ 3,137.25 |

# אייניגע באַמערקונגען צו אונזער באַריכט

אונזער פינאַנציעלער באַריכט צייגט, אַז אונזערע הויפּט־פאָנדען זיינען פיל מער פאַרשטאַרקט געוואָרען און אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ זיכערען באַזיס. דער רעזערוו פאָנד האַלט אין איין וואַקסען. דאָס זעלבע איז מיט דעם מאָרטשוערי פאָנד, דאָס הייסט, דער פאָנד, וועלכען ווערט באַנוצט צו דעקען די לויפענדע אויסגאַבען פאַר די טויטען־פאַלען, וועלכע פּאַסירען אין פאַרלויף פון יאָר. וועגען אָט די פאָנדען האָבען מיר זיך ניט וואָס צו קימערען. דער קראַנקען־בענעפיט פאָנד איז היבש געוואַקסען דעם יאָר, אָבער מיר מוזען דערביי באַמערקען פאָלגענדעס: די העכערונג פון קראַנקען־בענעפיט פון זעקס אויף אַכט דאָלאַר אַ וואָך, און אין דער זעלבער צייט די העכערונג פון די צאָלונגען צום פאָנד מיט 15 סענט אַנשטאָט 30 סענט, וועט אָט דעם פאָנד אַרונטערזעצען, און מיר זיינען גאָר ניט זייער אָפּטימיסטיש וועגען דעם ווייטערדיגען וואַוקס אין דעם קראַנקען־בענעפיט פאָנד. דער אמת איז, אַז אַלע אונזערע עקטשוערים זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער דאָזיגער פאָנד אונזערער איז ניט אין אַזאַ גלענצענדען צושטאַנד ווי עס האָט געדאַרפט זיין, און ווען מיר זאָלען נאָך נעמען אין אַנבאַטראַכט, אַז מיט דעם עלטער פון דער מיטגלידערשאַפט ווערען די קראַנקען־פאַלען מער און די אויסצאָלונגען גאַנץ באַדייטענדער, דאַן מוזען מיר קומען צום שלוס, אַז די מיינונג פון די עקטשוערים איז געגרינדעט אויף די פאַקטען און פּאַסירונגען פון אונזער אָרגאַניזאַציע און מען קען דאָס ניט אוועקמאַכען אַזוי מיט דער האַנט. מיר ריידען שוין ניט וועגען דעם, וואָס אין מאַנכע סטייטס איז שוין היינט צו טאָג אונזער אַריינקומען באַשרענקט צוליב דעם, וואָס די דעפּאַרטמענטס דענקען, אַז מיר האָבען ניט די ריכטיגע צאָלונגען צו דעם קראַנקען־בענעפיט פאָנד. פיל פון אונזערע מיטגלידער וועלען זיך פילייכט וואונדערען וועגען אָט דער פּעסימיסטישער באַהויפּטונג, ווען זיי קוקען אויבערפלעכליך אויף די ציפערען, וועלכע זיינען

דורכשניטליכע עלטער פון אונזער מיטגלידערשאַפט, צאָל געשטאָרבענע פאַר'ן יאָר; אויסגעצאָלטע טויטען־בענעפיט, קעש פאָנד פאַר יעדע 100 דאָלאַר אינשורענס; צאָל געשטאָרבענע פון יעדע טויזענט מיטגלידער און די דורכשניטליכע עלטער פון די געשטאָרבענע

| יאָר | צאָל מיטגלידער ענדע יאָר | יערליכער צואוואוקס פון מיטגלידער | באטרעף פון דער אינשורענס | רעזערוו פאָנד: רעזערוו אַסעסמענטס | מאָרטשוארי אַסעסמענטס | טאָטאַל | יערליכער צואוואוקס | דורכשניטליכע עלטער פון די מיטגלידער | צאָל געשטאָרבענע מיטגלידער | דורכשניטליכע עלטער פון די געשטאָרבענע | יערליכע סומע פון אינשורענס אויסגעצאָלט | פאָנד פאַר יעדע 100 דאָל. אינשורענס | צאָל געשטאָרבענע פון יעדע 1000 מיטגלידער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1905 | 6776 | — | 2,264,400 | 28,018.69 | 2,945.00 | 30,963.69 | — | — | 16 | — | 5,000.00 | 1.37 | 2.36 |
| 1906 | 8840 | 2064 | 2,976,400 | 40,310.42 | 1,100.00 | 41,310.42 | 11,346.73 | — | 20 | 32.25 | 6,800.00 | 1.72 | 2.27 |
| 1907 | 14158 | 5318 | 4,735,000 | 69,976.51 | 4,655.47 | 74,631.98 | 33,321.56 | — | 36 | 32.45 | 11,400.00 | 1.58 | 2.56 |
| 1908 | 19324 | 5166 | 6,274,000 | 102,207.73 | 5,751.87 | 107,959.50 | 33,327.52 | — | 34 | — | 12,200.00 | 1.72 | 1.76 |
| 1909 | 31581 | 12257 | 9,649,200 | 160,863.96 | 8,574.12 | 169,438.09 | 61,478.59 | 28.7 | 61 | 32.18 | 20,000.00 | 1.76 | 1.93 |
| 1910 | 38866 | 7285 | 11,680,000 | 211,227.44 | 8,905.60 | 220,133.04 | 50,694.95 | 28.2 | 97 | 32.02 | 28,600.00 | 1.88 | 2.50 |
| 1911 | 38295 | —571 | 11,588,600 | 219,953.58 | 19,383.00 | 230,337.57 | 10,204.55 | 28.3 | 94 | 32.67 | 29,800.00 | 1.99 | 2.45 |
| 1912 | 41725 | 3430 | 12,395,400 | 276,791.49 | 14,630.93 | 291,422.42 | 61,084.85 | 28.4 | 114 | 32.80 | 37,000.00 | 2.35 | 2.73 |
| 1913 | 45662 | 3937 | 13,335,800 | 315,074.76 | 32,236.01 | 347,310.77 | 55,888.35 | 29.0 | 140 | — | 45,300.00 | 2.26 | 3.06 |
| 1914 | 47817 | 2155 | 13,753,200 | 370,499.77 | 47,051.69 | 417,551.46 | 70,240.69 | 30.6 | 159 | 34.84 | 46,800.00 | 3.04 | 3.32 |
| 1915 | 49913 | 2096 | 14,092,500 | 440,788.59 | 65,407.95 | 506,196.54 | 88,645.08 | 31.1 | 154 | 35.34 | 46,600.00 | 3.60 | 3.08 |
| 1916 | 55273 | 5360 | 15,318,300 | 506,148.54 | 83,808.72 | 589,957.26 | 83 760.72 | 31.5 | 189 | 35.05 | 57,200.00 | 3.85 | 3.42 |
| 1917 | 59500 | 4227 | 16,404,800 | 596,402.18 | 103,662.26 | 700,064.44 | 110,107.18 | 32.0 | 186 | 36.83 | 54,500.00 | 4.27 | 3.11 |
| 1918 | 63638 | 4138 | 16,872,000 | 677,373.55 | 118,322.30 | 795,695.85 | 95,631.41 | 32.7 | 434 | 33.70 | 114,600.00 | 4.12 | 6.82 |
| 1919 | 75450 | 11812 | 20,161,400 | 825,767.07 | 134,354.61 | 960,121.68 | 164,425.83 | 33.0 | 346 | 34.50 | 99,100.00 | 4.81 | 4.59 |
| 1920 | 81576 | 6076 | 21,872,400 | 989,377.31 | 205,840.86 | 1,205,218.17 | 245,096.49 | 33.7 | 346 | 37.21 | 99,900.00 | 5.51 | 4.25 |
| 1921 | 83106 | 1530 | 22,136,600 | 1,170,228.60 | 357,723.82 | 1,527,952.42 | 322,734.25 | 34.5 | 297 | 39.34 | 83,500.00 | 6.90 | 3.57 |

* דער מינוס צייכען צייגט אַז אין יאָר 1911 זיינען אָפּגעפאַלען מיטגלידער.

גאַנץ באַדייטענד, אָבער אין פראַגען פון פאַרזיכערונג קען מען זיך ניט רעכענען מיט פּאַסירונגען פון יעדען מאָמענט. מען מוז האָבען אין זינען די צוקונפט.

ווען מיר גייען אָבער איבער צו די עקספּענס פאָנדס, מוזען מיר ווידערהאָלען דאָס, וואָס מיר האָבען שוין אייניגע מאָל ווידערהאָלט און באַריכטעט צו פילע קאָנווענשאָנס, אַז די דאָזיגע פאָנדס זיינען אין אַ גאַנץ טרויעריגען צושטאַנד און אַ ראַדיקאַלע ענדערונג מוז געמאַכט ווערען. ווען מיר ריידען וועגען ראַדיקאַלע ענדערונגען מיינען מיר גאָר איינפאַך, אַז מען מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל ברענגען אָט די פאָנדס צו אַזאַ צושטאַנד, אַז דעפיציטען זאָלען זיין אַ זאַך פון דער אוממעגליכקייט. בעסער געזאָגט, יעדער פאָנד מוז זיין גענוגענד אום צו דעקען די באַדערפענישען, פאַר וועלכע ער איז באַשאַפען געוואָרען.

מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט די לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט. מיר ווילען ניט פאַרמאַכען די אויגען צו דעם פאַקט, דאָס אונזערע בילס זיינען גאַנץ באַדייטענד געוואַקסען און יעדע העכערונג אין אָפּצאָלונגען וועט ניט באַגעגענען דעם נייטיגען אָפּקלאַנג און גוטהייסונג. אָבער דאָס וועט די לאַגע ניט ענדערען. ווען דער בגד איז צעריסען, וועט אים קיין לאַטע ניט העלפען. ווען אַ געוויסער דעפּאַרטמענט נייטיגט זיך אין אויסגאַבען, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט צו די איצטיגע אומשטענדען און באַדערפענישען, מוז ער האָבען די נייטיגע פאָנדס. נעמט, צום ביישפּיל, דעם אַדמיניסטראַציאָנס פאָנד. יאָר איין און יאָר אויס לעבען מיר מיט דעפיציטען און דעם פאָנד, ווייל מיר האָבען קיינמאָל ניט געהאַט דעם נייטיגען מוט און דעם איינזען צו שאַפען אַזאַ אַדמיניסטרייטשאָן פאָנד, וועלכער זאָל זיין גענוגענד צו דעקען די איצטיגע אויסגאַבען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מיר פלעגען יעדען יאָר מוזען האָבען ספּעציעלע אַסעסמענטס און יעדער נייער יאָר האָט געבראַכט ווידער נייע דעפיציטען. די רעקאָמענדאַציע פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע וועגען פאַרווענדען דעם איינטריטס־געלט פאָנד אויף צו דעקען די דעפיציטען אין די אַנדערע פאָנדס, איז דער איינציגער פּאַסענדער און וויכטיגער מיטעל ווי אַזוי אַרויסצוקריכען פון די אָנגעזאַמעלטע דעפיציטען, אָבער דער דעפיציט פון די פריערדיגע יאָרען וועט מוזען בלייבען אויב די צאָלונגען צו דעם אַדמיניסטרייטשאָן פאָנד וועלען ניט געהעכערט ווערען. די פאַרגרעסערונג אין די דעפיציטען אין דעם אַדמיניסטרייטשאָן פאָנד איז זייער לייכט צו דערקלערען. מיר גלויבען, אַז די אָפּיס קאָמיטע האָט אין איר באַריכט אָנגערירט אָט די אַלע פונקטען און ס'איז ניט נייטיג פאַר אונז אָפּצושטעלען זיך מער וועגען דעם.

די דעפיציטען אין אַנדערע פאָנדס, ווי צום ביישפּיל, אין דעם עדיוקיישאָנאַל און אין דעם „פריינד“, זיינען פון אַ קלענערער באַדייטונג, און איבערהויפּט דער דעפיציט אין דעם „פריינד“, גלויבען מיר, וועט קענען גאַנץ לייכט געדעקט ווערען אין די ווייטערדיגע יאָרען, נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז די פּרייזען פאַר פּאַפּיר און אַנדערע דרוק־מאַטעריאַלען וועלען ביסלעכווייז ביליגער ווערען. עס פאַרשטייט זיך, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דעם עדיוקיישאָנאַל פאָנד, איז ער אָן און פאַר זיך ניט אַזוי באַדייטענד, ווי עס פאָדערט זיך פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי אונזערע. די עדיוקיישאָנאַל אַרבעט האָט געקענט פיל פאַרגרעסערט און פאַרצווייגט ווערען, ווען מען וואָלט געהאַט אַ גרעסערען פאָנד, און דער אמת איז, אַז אום נאָכצוקומען די אַלע פאָדערונגען פון אויפקלערונג און בילדונג, האָבען מיר געדאַרפט די צאָלונגען צו דעם פאָנד פאַרפילפאַכען. נאָר דאָס איז אַ פראַגע פון מיינונגען און וואָס פאַר אַנשויאונגען אונזער מיטגלידערשאַפט האָט אויף אונזער גאַנצער אויפקלערונגס־אַרבעט.

מיר ווילען דאָ אָנצייגען אויף אַ זייער אוממנאָרמאַלער ערשיינונג אין אונזער אַקטיוויטעט, און דאָס איז די פּאַבלישינג ביזנעס. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גיט אַרויס יעדען יאָר ביכער. אָט די ביכער ווערען פאַרקויפט צו אונזערע מיטגלידער פאַר קאָסט פּרייז. קיין ספּעציעלע פאָנדס פאַר פּאַבלישינג האָבען מיר ניט. וואָס דען? מען נעמט פון די אַלגעמיינע פאָנדס געלט און מען דרוקט ביכער און דערנאָך דאַרף מען זען, אַז די דאָזיגע אויסגאַבען זאָלען אַריינברענגען אַם ווייניגסטענס די געלדער, וועלכע מען האָט אויף זיי פאַרווענדעט. עס ציינט זיך אָבער אַרויס, אַז פיל אויסגאַבען פון די פריערדיגע יאָרען האָבען ניט אַריינגעבראַכט די אַנטשפּרעכענדע סומען, און פאָלגליך האָבען זיך אין פאַרלויף פון די עטליכע יאָרען אָנגעזאַמעלט גרויסע דעפיציטען און מיר האָבען ניט היינטיגען טאָג קיין ספּעציעלען פאָנד, מיט וועלכען מיר זאָלען קענען אָט די דעפיציטען דעקען. חוץ דעם, האָבען מיר נאָך פיל ביכער פון די אויסגאַבען פון יאָר 1920, וועלכע זיינען ניט פאַרקויפט געוואָרען, און די דאָזיגע ביכער זיינען פאַר אונז נאָך איצט אַ טויטער קאַפּיטאַל, און מיר צווייפלען קוים אויב אונז וועט געלינגען אָט די ביכער צו פאַרקויפען אויף דעם קאָסט פּרייז, און אונזער מיינונג איז, אַז זיי וועלען אונז אויך אַריינברענגען אַ גאַנץ היבשען דעפיציט. די נייע עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע וועט אַריין אין אמט, וועט זיך מוזען אין אָט דער פראַגע גוט אַריינטראַכטען און זען ווי צו מאַכען אַ סיסטעם אויף צו דרוקען ביכער. אויב ס'איז אַ נויטווענדיגקייט פון א. ר. צו זיין אין דער פּאַבלישינג ביזנעס, דאַן דאַרף מען האָבען אַ פאָנד דערצו, און די קאָנווענשאָן וועט דאַרפען באַשליסען צו שאַפען אַזאַ פאָנד. אויב אָבער די קאָנווענשאָן וועט אַזאַ פאָנד ניט באַשטימען, דאַן וועט דער א. ר. מוזען אַבסאָלוט אויפגעבען זיין אַקטיוויטעט אויף דעם געביט פון פּאַבלישינג, ווייל מיר קענען ניט נעמען שאַנסען אָנצורירען אַלגעמיינע פאָנדס, דרוקען ביכער מיט דער האָפענונג, אַז די געלדער וועלען אומגעקערט ווערען צו די באַטרעפענדע פאָנדס, ווען די ביכער וועלען פאַרקויפט ווערען.

מיר האָבען אָנגערירט אָט דעם וויכטיגען פונקט גאַנץ קורץ, אַבוואָל מען האָט וועגען דעם געקענט ריידען זייער פיל, אָבער דאָס ווייניג געזאָגטע וועט מוזען גענומען ווערען אין אַנבאַטראַכט פון דער קאָנווענשאָן, אויב מיר ווילען ווירקליך אָנפירען אַן אַדמיניסטראַציע פון ביזנעסמעסינקייט און אָרדענונג.

וועגען אונזערע קאָנווענשאָנס האָבען מיר שוין אויך פיל מאָל גערעדט און מיר האָבען פיל מאָל אָנגעדייטעט, אַז די אויסגאַבען פאַר אונזערע קאָנווענשאָנס שלינגען אַריין אומגעהייערע סומען געלט, פיל, פיל מאָל מער ווי די אַסעסמענטס, וואָס די מיטגלידער צאָלען צו דעם פאָנד. עס פאַרשטייט זיך, אַז די נאַטירליכע רעקאָמענדאַציע האָט געדאַרפט זיין אָפּצושאַפען יערליכע קאָנווענשאָנס און באַנוגענען זיך מיט צוויי־יערליכע אָדער דריי־יערליכע קאָנווענשאָנס, שטויסען מיר זיך אָבער אָן געגען די פאָדערונגען פון אייניגע סטייטס, אַז די עקזעקוטיוו פון דעם א. ר. דאַרף ערווייל ווערען אָדער־אַם ווייניגסטענס גוטגעהייסען ווערען פון דער קאָנווענשאָן, און אַזוי ווי קיינער האָט ניט דעם מוט אין דעם א. ר. צו רעקאָמענדירען אַן עקזעקוטיוו פאַר צוויי אָדער דריי יאָר, מוז מען אויך אַרונטערנעמען די רעקאָמענדאַציע פון די צוויי־יערליכע קאָנווענשאָנס און רעקאָמענדירען אַ פאַרקלענערונג פון קאָנווענשאָן, דאָס הייסט, אַ קאָנווענשאָן מיט אַ קלענערער צאָל דעלעגאַטען. אַזעלכע קאָנווענשאָנס וועלען קאָסטען ווייניגער, אָבער זיי וועלען דאָך זיין גאַנץ קאָסטבאַר און קיין ראַדיקאַלע לייזונג פון דער פראַגע וועט שוין ביי דעם מאָמענט ניט געמאַכט ווערען.

שליסענדיג אונזערע באַמערקונגען, ווילען מיר דאָ זאָגען, אַז אין אַלגעמיין איז דער פּראָגרעס פון דעם א. ר. געווען אַן אומגעהייער גרויסער, ווען מען זאָל נעמען אין אַנבאַטראַכט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דער איצטיגער צייט, איז דער דאָזיגער פאַרשריט געווען אַ גלענצענדער. און מיר האָבען דאָס נאָר צו פאַרדאַנקען דער אומגעהייערער איבערגעבענהייט און טרייהייט, וואָס די גרויסע מיטגלידערשאַפט האָט אַרויסגעצייגט צו אונזער אָרגאַניזאַציע, און אויך אַ דאַנק דער האַרמאָניע, וועלכע עס האָט געהערשט אין דער פאַרוואַלטונג גופא און צווישען אייערע באַאַמטע און אָנגעשטעלטע. יעדער איינער האָט געפילט זיין פאַראַנטוואָרטליכקייט און זיין פליכט און האָט געטאָן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר געווען מעגליך, אום יעדע אונטערנעמונג פון א. ר. זאָל דורכגעפירט ווערען מיט ערפאָלג.

זייט געגריסט, דעלעגאַטען פון דער 22־טער יערליכער קאָנווענשאָן פון דעם א. ר., זייט געגריסט, איר שלוחים, וואָס קומען צו אונזער קאָנווענשאָן, אום מיט אייערע כחות און אייער ענערגיע מיטהעלפען און מיטווירקען דעם ווייטערדיגען וואוקס און פּראָגרעס פון אונזער א. ר., פון דעם איינציגען אידישען ראַדיקאַלען אָרדען, וועלכער שטייט אויף דער הויך פון זיין באַרוף און היט אָפּ די פּרינציפּען, וועלכע זיינען דער פונדאַמענט פון זיין טעטיגקייט און דער לייטענדער מאָטיוו אין זיין גאַנצער אַרבעט.

י. באַסקין, גענ. סעק.

## אין יאָר 1921 זיינען רעפּאָרטעט געוואָרען 297 טויט־פאַלען

### לויט זייער עלטער

| 5 יאָר עלטער גרופּען | צאָל מיטגלידער | צאָל געשטאָרבענע | פּראָצענט געשטאָרבענע פון יעדער גרופּע |
|---|---|---|---|
| פון 18 ביז 24 יאָר — — | 4150 | 7 | .17 |
| פון 25 ביז 29 יאָר — — | 16884 | 29 | .17 |
| פון 30 ביז 34 יאָר — — | 22381 | 45 | .20 |
| פון 35 ביז 39 יאָר — — | 21323 | 81 | .38 |
| פון 40 ביז 44 יאָר — — | 11921 | 58 | .48 |
| פון 45 ביז 49 יאָר — — | 4707 | 36 | .76 |
| פון 50 יאָר און העכער — | 1740 | 41 | 2.36 |
| טאָטאַל — | 83106 | 297 | .357 |

### לויט זייערע באַשעפטיגונגען

| באַשעפטיגונג | צאָל מיטגלידער | צאָל געשטאָרבענע | פּראָצענט געשטאָרבענע פון יעדער באַשעפטיגונג |
|---|---|---|---|
| אָפּערייטאָרס — — — — | 8765 | 40 | .455 |
| ביזנעסלייט — — — — | 9285 | 39 | .421 |
| בעקערס — — — — — | 1632 | 3 | .184 |
| הויז־אַרבעטער, קלאַס 3 — | 9287 | 40 | .431 |
| " קלאַס 1, 2 און 4 | 583 | 1 | .171 |
| וועבערס — — — — — | 1130 | 7 | .618 |
| לייבאָרערס — — — — | 2447 | 10 | .408 |
| לעדער אַרבעטער — — — | 777 | 1 | .129 |
| מאַשיניסטען — — — — | 1793 | 11 | .615 |
| מוליאַרעס — — — — | 531 | 3 | .565 |
| מעטאַל אַרבעטער — — — | 3422 | 6 | .175 |
| פּאַריערס — — — — — | 1031 | 7 | .678 |
| פּיינטערס — — — — — | 4308 | 12 | .279 |
| פּרינטערס — — — — — | 639 | 5 | .783 |
| פּרעסערס — — — — — | 2049 | 12 | .586 |
| ציגאַרען מאַכערס — — — | 848 | 3 | .354 |
| קאַטערס — — — — — | 1806 | 4 | .222 |
| קאַרפּענטערס — — — — | 5322 | 17 | .319 |
| קלוירקס — — — — — | 4666 | 14 | .300 |
| שוסטערס — — — — — | 1757 | 8 | .456 |
| שניידערס — — — — — | 14377 | 37 | .257 |
| אַנדערע באַשעפטיגונגען — | 6651 | 17 | .255 |
| טאָטאַל — | 83106 | 297 | .357 |

### ווי לאַנג זיי זיינען געוועזען מיטגלידער אין ארב. רינג

| ווי לאַנג אַ מיטגליד | צאָל טויטע |
|---|---|
| וויניגער פון 6 מאָנאַטען — — — — — — — | 6 |
| צווישען 6 מאָנאַטען און 1 יאָר — — — — — | 9 |
| צווישען 1 יאָר און 2 יאָר — — — — — — | 27 |
| צווישען 2 יאָר און 3 יאָר — — — — — — | 27 |
| צווישען 3 יאָר און 4 יאָר — — — — — — | 19 |
| צווישען 4 יאָר און 5 יאָר — — — — — — | 15 |
| צווישען 5 יאָר און 6 יאָר — — — — — — | 16 |
| צווישען 6 יאָר און 7 יאָר — — — — — — | 7 |
| צווישען 7 יאָר און 8 יאָר — — — — — — | 24 |
| צווישען 8 יאָר און 9 יאָר — — — — — — | 14 |
| צווישען 9 יאָר און 10 יאָר — — — — — — | 12 |
| צווישען 10 יאָר און 11 יאָר — — — — — — | 23 |
| צווישען 11 יאָר און 12 יאָר — — — — — — | 22 |
| צווישען 12 יאָר און 13 יאָר — — — — — — | 14 |
| צווישען 13 יאָר און 14 יאָר — — — — — — | 11 |
| צווישען 14 יאָר און 15 יאָר — — — — — — | 14 |
| צווישען 15 יאָר און 16 יאָר — — — — — — | 2 |
| צווישען 16 יאָר און 17 יאָר — — — — — — | 5 |
| צווישען 17 יאָר און 18 יאָר — — — — — — | 6 |
| צווישען 18 יאָר און 19 יאָר — — — — — — | 11 |
| צווישען 19 יאָר און 20 יאָר — — — — — — | 5 |
| צווישען 20 יאָר און 21 יאָר — — — — — — | 3 |
| פון לייבאָר־ליג — — — — — — — — — | 5 |
| טאָטאַל — — — | 297 |

### אורזאַכען פון טויט

| אורזאַך פון טויט | צאָל טויטע |
|---|---|
| אַסטהמא — — — — — — — — — | 1 |
| ברוך (הערניע) — — — — — — — — | 2 |
| גאַל בלאַדער קראַנקהייט — — — — — — | 4 |
| האַלז קראַנקהייט — — — — — — — | 46 |
| הארץ קראַנקהייט — — — — — — — | 1 |
| הויט קראַנקהייט — — — — — — — | 2 |
| זעלבסטמאָרד — — — — — — — | 17 |
| טובערקולאָזיס — — — — — — — | 50 |
| לעבער קראַנקהייט — — — — — — — | 3 |
| מאַגען קראַנקהייט — — — — — — — | 26 |
| מאַרך קראַנקהייט — — — — — — — | 11 |
| ניומאָניע — — — — — — — — | 19 |
| ניומאָניע און אינפלוענציע — — — — — | 1 |
| נירען קראַנקהייט — — — — — — — | 19 |
| נערוועז קראַנקהייט — — — — — — | 4 |
| עפּילעפּסי (דאָס פאַליגע) — — — — — | 1 |
| עקסידענט — — — — — — — — | 20 |
| פּאַראַליזיס — — — — — — — — | 7 |
| צוקער קראַנקהייט — — — — — — — | 10 |
| קאַנסער (ראַק) — — — — — — — | 21 |
| שלאָפעדיגע קראַנקהייט — — — — — — | 4 |
| פאַרשידענע קראַנקהייטען — — — — — | 28 |
| טאָטאַל — — — | 297 |

פאַרהייראַטע — — — — 272
אומפאַרהייראַטע — — — 25
טאָטאַל — 297

# רעקאָמענדאַציעס פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע צו דער קאָנווענשאָן

1) די אסעסמענט פאַר דעם אסעסמענט אָרגאַניזאַציאָנס-פאָנד זאָל געהעכערט ווערען אויף 6 סענט פּער מיטגליד פּער קוואַרטאַל.

2) צו העכערען דעם אסעסמענט פאַר דעם אַדמיניסטריישאָן פאָנד מיט 4 סענט פּער מיטגליד פּער קוואַרטאַל.

3) א מיטגליד פון דער פּערוואַלטונג זאָל ניט טאָרען זיין אין דער זעלבער צייט קיין פינאַנס סעקרעטער אָדער טרעזשורער פון א בראַנטש.

4) ווען דער אָפּיס פאָדערט פון א בראַנטש די ביכער צו אונטערזוכען זיי אין אונזער אוידיטינג דעפּאַרטמענט, איז דער בראַנטש פאַרפליכטעט די ביכער צוצושיקען אין פאַרלויף פון 4 וואָכען צייט. אין פאַל דער בראַנטש אנטזאָגט זיך צוצושיקען די ביכער, זאָל די עקזעקוטיוו זיין בארעכטיגט צו נעמען געזעצליכע שריט געגען זיי.

5) אין אַרטיקעל 3, פּאַראַגראַף 1, זאָל געענדערט ווערען דער זאַץ, וועלכער לעזט זיך: „קאַנדידאַטען פון 38 ביז 40 יאָר אַלט מוזען צושטעלען גענויע באַווייזען, אַז זיי זיינען ניט עלטער ווי אָנגעגעבען". אנשטאָט דעם זאָל זיך לעזען: „קאַנדידאַטען פון 43 ביז 45 יאָר אַלט מוזען צושטעלען גענויע באַווייזען, אַז זיי זיינען ניט עלטער ווי אָנגעגעבען".

6) ארויסנעמען פון דער קאָנסטיטוציע דעם 21-טען פּאַראַגראַף פון אַרטיקעל 3, וועלכער לעזט זיך: „די אַפּליקיישאָן פון א קאַנדידאַט, וואָס איז פון דאָקטאָר צוריקגעוויזען געוואָרען, מוז פון בראַנטש געשיקט ווערען אין דזשענעראַל אָפּיס ניט שפּעטער ווי אין צען טעג נאָך דער דאָקטאָר-עקזאַמיניישאָן."

7) אין א. ר. סאַניטאַריום זאָלען אריינגענומען ווערען אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען עלטערן פון מיטגלידער, אויך שוועסטער און ברידער, אין עלטער פון 16 ביז 22 יאָר, אויך מיטגלידערס קינדער אין עלטער פון 16 ביז 22 יאָר.

8) דער אסעסמענט פאַר'ן עדיוקיישאָנאַל פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 3 אויף 4 סענט פּער מיטגליד פּער קוואַרטאַל.

9) די נאַציאָנאַלע פּערוואַלטונג פון אַרבעטער-רינג זאָל באַשטיין פון 22 מיטגלידער, און זאָל איינגעטיילט ווערען אין 4 קאָמיטעס, ווי פאָלגט: עדיוקיישאָנאַל און אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון 7, סאַניטאַריום קאָמיטע פון 5, אָפּיס און בענעפיט קאָמיטע פון 5, גריוואַנס קאָמיטע פון 5.

10) אַז דער פּראָצענט איינטריטס-געלט פון נייע מיטגלידער, וועלכע וועלען אריינקומען אין פאַרלויף פון דעם ערשטען אָקטאָבער 1922 ביז דעם ערשטען אָקטאָבער 1925, זאָל גיין אויף צו דעקען דעם דעפיציט פון אַדמיניסטריישאָן פאָנד. אין פאַל עס וועט בלייבען געלט נאָכדעם ווי דער דעפיציט וועט געדעקט ווערען, זאָל די איבעריגע סומע פאַרווענדט ווערען אויף צו דעקען די דעפיציטען פון די אַנדערע פאָנדס.

1) די פאַרטרעטערשאַפט צו די קאָנווענשאָנס אין 1923 און 1924 זאָל זיין איין דעלעגאַט פון טויזענט מיטגלידער, און אין 1925, צו דער 25-יערליכער קאָנווענשאָן, זאָל די פאַרטרעטערשאַפט זיין דירעקט פון די בראַנטשעס, 1 דעלעגאַט פון יעדע הונדערט מיטגלידער.

12) די סומע וואָס איז געבליבען פון דעם פאָנד וואָס איז געקליבען געוואָרען אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע מיטגלידער זאָל קענען באַנוצט ווערען פאַר ספּעציעלע הילפס-צוועקען, און די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל פון דעם פאָנד קענען אסיגנירען ביז $1000 א יאָר.

13) צו באַשטימען א פרייוויליגען טעקס פון 10 סענט פּער מיטגליד פאַר דעם א. ר. האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד.

14) אַרטיקעל 13, פּאַראַגראַף 10, פון אונזער קאָנסטיטוציע זאָל זיך לעזען ווי פאָלגט:

„נאָך דיזע 6 וואָכען ביז א יאָר קען א מיטגליד ווערען ריאינסטייטעט א. אז. וו."

15) אויף פּאַראַגראַף 11 זאָל זיך לעזען: „נאָך דעם יאָ[ר] קען א געשטראָכענער מיטגליד אריינגענומען ווערען אין אַר-בעטער-רינג א. אז. וו."

16) צו באַשטימען 5 טויזענט דאָלאַר אויף צו שטיצע[ן] די האָספּיטאַלס איבער'ן לאַנד, וועלכע די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט געפינען פאַר נויטיג.

17) אַז עס זאָל געשאַפען ווערען א היים פאַר אַלטע מיטגלידער אויף די גראַונדס פון אונזער סאַניטאַריום. אויך זאָ[ל] אויפגעבויט ווערען א ספּעציעלע געביידע פאַר דעם צוועק.

18) די קאָנווענשאָן זאָל באַשטימען א טעקס פאַר דער „האיאס" אַלס ביישטייערונג צו דעם מיליאָן דאָלאַר פאָנד וואָס זיי מוזען שאַפען.

19) אין אַרטיקעל 11 זאָל צוגעשטעלט ווערען פאָלגענדער פּאַראַגראַף: ווען א מיטגליד אָדער א בראַנטש האָט אַן אַפּיל אָדער קלאַגע געגען א מעמבער עט לאַרדזש, דאַרף דער אַפּיל אָדער קלאַגע אריינגעבראַכט ווערען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועמעס אנטשיידונג איז בינדענד.

## פּראָיעקט פאַר דער פּרינציפּען-ערקלערונג פון אַרבעטער-רינג

די מאָדערנע אינדוסטריעלע אומשטענדען זיינען מערסטענטייל די אורזאַכען פון קראַנקהייט און אומגליקס-צופאַלען צווישען דעם אַרבעטער-קלאַס. די אַרבעטער נייטיגען זיך, דעריבער, ניט נאָר אין מאַטעריעלער שטיצע אין אַזא צייט, נאָר אויך אין מאָראַלער הילף און פריינדשאַפט פון זייערע פריינד. אָט די נויטווענדיגקייט האָט געבראַכט צו דער גרינדונג פון דעם אַרבעטער-רינג.

די וואַקסענדע צאָל אַרבעטער, סיי די וועלכע אַרבעטען פיזיש, סיי די וועלכע אַרבעטען מיט'ן מאָרח, הייבען אָן צו פאַרשטיין, אַז דורך פאַראייניגטע כחות, דורך אָרגאַניזאַציע און קאָאָפּעראַציע, איז מעגליך צו פאַרלייכטערען און פאַרמיידען א סך פון די ליידען, וואָס פאַלען אויס אויפ'ן גורל פון די אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס אין דער צייט פון קראַנקהייט.

דער א. ר. איז איבערצייגט, אַז אָרימקייט, קראַנקהייט און נויט צווישען די אַרבעטער זיינען דער רעזולטאַט פון די איבלען פון אונזער עקאָנאָמישער סיסטעם. געגענזייטיגע הילף אַליין וועט ניט אָפּשאַפען די אורזאַכען פון די נויטען פון די אַרבעטער. אַלס מיטגלידער פון א. ר., שטרעבען מיר דאַרום צו דער פאָלשטענדיגער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער-קלאַס.

פאַר דעם צוועק, באַטראַכט זיך דער א. ר. אַלס א טייל פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער-באַוועגונג, ער שטרעבט צו העלפען די אַרבעטער אין זייער פאַרזוך אויפצוהייבען זייער סטאַנדאַרד פון לעבען דורך פאַרגרעסערען זייער פאַרדינסט, דורך פאַרקירצען די אַרבייטס-שטונדען און פאַרשטאַרקען זייער איינפלוס אויפ'ן אינדוסטריעלען און פּאָליטישען געביט.

פון דעם שטאַנדפּונקט, דאַרף יעדער מיטגליד פון א. ר. באַלאַנגען צו דער יוניאָן פון זיין פאַך, און ווען ער וויל אויסנוצען זיין בירגער-רעכט אין צייט פון אירגענד וועלכע וואַלען, איז ער פאַרפליכטעט צו שטיצען די פּאַרטייען, וואָס שטעלען ארויס אין זייער פּראָגראַם די איינפירונג פון פּאָליטישער און אינדוסטריעלער פרייהייט.

# שול-אפטיילונג

פאלגענדע ארבעטער-רינג שולען עקזיסטירען איצט אין די פאראייניגטע שטאטען און קענעדע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אטלאנטא | באלטימאר 1 | באלטימאר 2 | באסטאן |
| בעיאן | בראזוויל | בראנקס | דאון-טאון ניו-יארק |
| דענווער, | דעטראיט 1 | דעטראיט 2 | האמילטאן |
| האמאנד | הארלעם | האבאקען | הארטפארד |
| וואטערבורי | וויניפעג | וויליאמסבורג | ווילמינגטאן |
| וועסט ניו-יארק | ווילקעסבאר | טשעלסי | טאראנטא 1 |
| טאראנטא-דזשאנקשאן 2 | לאס-אנדזשעלעס | מילוואקי | מינעאפאליס |
| מאנעסען | מאנטיסעלא | מאנטרעאל | מיטעל-שול, ניו-יארק |
| נארפאלק, | ניו-הייווען | סאן-פראנציסקא | סיו-סיטי |
| סט. פאול | סט. לואיז | ספרינגפילד, | עדמאנטאן |
| פילאדעלפיע, דאון-טאון | פילאדעלפיע, אפ-טאון | פילאדעלפיע | סטראבערי מענשאן |
| וועסט פילאדעלפיע | פיטסבורג | פארטסמוט | פעטערסאן |
| קעמדען | קאלגארי | קליוולאנד | ראקסבורי |
| ראק-איילענד | ראטשעסטער | שיקאגא-דאגלאס | שיקאגא נ. וו. |
| לערער-סעמינאר | מוזיק-שול, דאון-טאון | מוזיק-שול, דאון-טאון, נ. י. | מוזיק שול- הארלעם |

פאלגענדע שולען האבען זיך פארמאכט צוליב פינאנציעלע שוועריגקייטען:

| | | |
|---|---|---|
| מאונט-פלעזענט אין קליוולאנד | יוניאן היל, | ארטשארד סט. אין ניו-יארק |
| וועסט-סייד אין שיקאגא | אמאהא | דזשעקסאנוויל |

## הארלעמער איד. א. ר. שול-קאנפ.

דעם 22טען יאנ. 1922 איז פארגעקומען א קאנפערענץ, אין 143 איסט 103טע סטריט, צו ערוויילען א נייע פארוואלטונג פאר דער הארלעמער א. ר. שול און פאר דעם קולטור־צענטער.

עס זיינען געווען פארטראטען די א. ר. בר. 352, 185, 211, 354, 324, 554 און 367 דורך 15 דעלעגאטען. דער אידיישער ס. פ. בר. פון פארבאנד דורך 1 דעלעגאט. דער אידישער בר. פון דער ארבעטער־פארטיי—דורך 2 דעלעגאטען. די אלטע שול־פארוואלטונג דורך 3 דעלעגאטען און דער קולטור־צענטער דורך 1 דעלעגאט. צוזאמען 22 דעלעגאטען. נאכדעם ווי פר. י. לעווין עפענט די קאנפערענץ אין נאמען פון דעם שטאטישען בילדונגס־קאמיטעט פון א. ר., ווערט פר. מאגידסאן ערוויילט אלס טשערמאן און נ. חייט אלס סעקרעטער.

פר. ד. שקלאר, דער טשערמאן פון דער שול־פארוואלטונג, גיט אפ א באריכט פון דער שווערער ארבעט, וואס די פארוואלטונג האט געהאט דעם פאראנגענעם יאר. די פארוואלטונג איז געווען געצוואונגען דורכצופירען עטליכע אונטערנעמונגען, כדי דעם דעפיציט אביסעל צו פארקלענערען. די פארוואלטונג פון דער הארלעמער שול איז פארבונדען מיט דער פאראייניגטער ניו־יארקער א. ר. שול־פארוואלטונג, וועלכע איז די פאקטישע בעל־הבית'טע פון די א. ר. שולען אין ניו־יארק. די פאראייניגטע פארוואלטונג איז צוזאמענגעשטעלט פון א' לערער פון יעדער שול, 3 פארוואלטער און סעקרעטער. די פארוואלטונג האט ארגאניזירט עלטערן און קינדער אונטערנעמונגען. זיין באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. א. קאהאן באריכטעט פאר דער הויז קאמיטע, אלס סעק. פון דעם קולטור־צענטער. ער דערקלערט, אז ווען ער האט איבערגענומען די ביכער, איז אין באנק געווען 63 דאלער מיט 10 סענט. די הויז איז אבער שולדיג געווען א סך חובות. דעם יאר האט די הויז־פארוואלטונג אויסגעצאלט א סך חובות. עס זיינען אין דעם הויז געמאכט געווארען אלע נייטיגע איינריכטונגען נאך דעם פארלאנג פון דעם פייער דעפארטמענט און פון בוי־דעפארטמענט. דירה־געלט איז דאס יאר אריינגעקומען 4740 דאלער און צוזאמען מיט אנדערע איינגאנגען באטרעפט די הכנסה 5161 דאלער מיט 34 סענט. די הוצאות אויף אויפהאלטען דאס הויז, די באצאלטע חובות, מארטגעדזש פראצענטען, אינשורענס, שטאט טעקסעס, און אלע אנדערע אויסגאבען האבען באטראפען 4002 דאלער מיט 53 סענט. אין די בענק געפינט זיך איצט דעם 15טען דעצ. 538 דאלער מיט 81 סענט.

זיין באריכט ווערט גוטגעהייסען און די קאנפערענץ באשליסט צו באדאנקען פר. א. קאהאן פאר זיין גוטער ארבעט אלס סעק. און עס ווערט אויך באשלאסען, אז די נייע פארוואלטונג זאל געבען פר. א. קאהאן א מתנה אין נאמען פון קאנפ.

פר. הורוויץ, דער פינאנס סעק. פון שול, גיט אפ א פינאנציעלען באריכט.

די שול איז א בעל־חוב פאר דירה־געלט, פאר געמאכטע הלוואות, צו אנגעשטעלטע, און אנדערע חובות. ס"ה 1096 דאלער מיט 57 סענט. נעט חובות פון דער שול זיינען 600 דאלער מיט 17 ס. קינדער אין שול געפינען זיך 290. 10 קינדער זיינען באפרייט פון צאלונג. 10 קינדער באצאלען אונטער'ן פרייז. דער שכר־לימוד פאר א קינד איז 2 דאלער מיט 50 סענט, און 1 דאלער מיט 50 סענט פאר א צווייט קינד. פון די קינדער זיינען: אינגלאך 61 פראצענט און מיידלעך 39 פראצענט.

נאכדעם ווי עס ווערען געשטעלט פראגען, ווערט דעם סעק. באריכט גוטגעהייסען.

פר. י. לעווין גיט אפ א באריכט פאר די לערער פון דער שול. ער דערקלערט, אז אין שול געפינען זיך איצט 10 קלאסען מיט דריי פולע לערער און אויך א לערער פון געזאנג, א לערער פון דעקלאמאציע, א לערערין פון טענץ, א לערער פון מאלען און קלעפען, און א לערער פון סטענאגראפיע.

ער גיט איבער אין קורצען וועגען דעם ציל פון דער שול. פאר דעם יאר האט צום ערשטען מאל א קלאס פארענדיגט די שול, און כמעט אלע קינדער זעצען פאר דאס לערנען אין דער ערשטער ארב. רינג מיטעל־שול, וואס האט זיך געגרינדעט ביי דער הארלעמער שול. אין דער מיטעל־שול לערנט מען מיט די קינדער העכערע לימודים, וועלכע זיינען צוגעפאסט צו זייער עלטער, און עס איז צו ערווארטען, אז ווען די קינדער וועלען

פארענדיגען די שול, וועלען זיי זיכער זיין די אינטעליגענטערע, די בעסערע אויף דער אידישער ארבעטער־גאס, און וועלען נאטירליכערווייז ווערען די פירער פון דער אידישער ארבעטערשאפט דא אין דעם קומענדען דור.

נאכדעם ווי די דעלעגאטען שטעלען פראגען און פר. י. לעווין ענטפערט אלעמען צופרידענשטעל־לענד, ווערט זיין באריכט פון אלעמען גוטגע־הייסען.

עס קומען פאר וואלען פאר א נייער פארוואל־טונג. עס ווערט באשלאסען, עס זאל ערוויילט ווערען איין גרויסע פארוואלטונג פאר דער שול און קולטור־צענטער צוזאמען און די פארוואלטונג זאל זיך איינטיילען אין פארשידענע קאמיטעס.

די פאלגענדע זיינען די דעלעגאטען פון קאנ־פערענץ, וואס זיינען אין דער נייער פארוואלטונג: נ. קאהען, בר 352; ה. גארענשטיין, בר. 211; ס. לענג, בר. 324; דזש. לאסקער, בר. 352; מ. שניידער, בר. 554; ליאן, בר. 352; מ. סילווער־מאן, בר. 354; ס. שער, בר .352, און א. מאגיד־סאן פון דעם הארלעמער אידישען בר. ארבעטער־פארטיי. דער דעלעגאט פון דעם אידישען ס. פ. בר. פון הארלעמער פארבאנד דערקלערט, אז ביי זייער קומענדען מיטינג וועלען זיי ערוויילען 2 פארטרעטער אין דער נייער פארוואלטונג. די פאלגענדע 4 זיינען ערוויילט געווארען פון דער אלטער פארוואלטונג: י. רובין, בר. 99; ד. שקלאר, בר. 367; א. קאהאן, בר. 367, און נ. חייט פון בר. 99 א. ר.

פאלגענדע באשלוסען זיינען אנגענומען גע־ווארען:

1) צו באדאנקען די אלטע פארוואלטער פאר זייער גוטער ארבעט.

2) אלע ברענטשעס פון הארלעם זאלען ארגא־נזירען א טעאטער־אונטערנעמונג פאר דער שול.

3) אלע דעלעגאטען זאלען זען דורכפירען אין זייערע ברענטשעס דעם 5 סענט טאקס פאר די שולען.

ניימען חיים, סעק. פון קאנפערענץ.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאצ. עקזע־קוטיוו קאמיטע פון ארבעטער־רינג ווערט ערעפענט דעם 5־טען פעברואר, 10:30 פרי, פון טשערמאן, פר. גוסקין.

## צושריפטען

פון אידישען ארבעטער פארבאנד אין באנעס איירעס, — זיי דאנקען פאר די דרוק־מאטעריאלען וואס זיינען צו זיי ארויסגעשיקט געווארען און דריקען אויס האפענונג, אז מיר וועלען שטיין מיט זיי אין נאענטער פארבינדונג, ווייל זיי זיינען געגרינדעט אויף די זעלבע יסודות וואס דער א. ר.

די נאצ. באַרד אוו דירעקטארען, פר. איוועננסקי, סעקר. שרייבט, אז זיי האבען אויפגענומען דעם אפיל פון מיטגליד פון בר. 338 געגען באשלוס פון דער עקזעקוטיוו אים ניט אריינצונעמען ווידער אלס פא־ציענט אויף דער איבעריגער ציוט. ער דערקלערט, אז זיי זיינען מיט דער מיינונג, אז די פראגע קען טעכניש ניט אויפגענומען ווערען, ווייל די קאנווענשאן האט סאנקציאנירט די האנדלונג פון דער דאמאלס־דיגער סאניטאריום קאמיטע, נאר דורך א רעפערענדום אפשטימונג האבען במעט אלע דירעקטארען, אויסער 3, זיך ארויסגעזאגט צו גונ־סטען פון דער רעקאמענדאציע פון דער סאב־קאמיטע פון דער נ. ב. א. ד., אז די נאצ. עקזעק. זאל אויסאיבען איר געזעצליכע רעכט און באַ־וויליגען דעם פריינדס פארלאנג אריינצונעמען אים פאר דער איבערי־גער ציוט, און ארויסווייזען דערמיט, אז די עקזעקוטיוו האט ניט בלויז א רעכט צו באשטראפען א מיטגליד, נאר אויך צו באגנאדיגען.— די נאצ. עקזעקוטיוו באשליסט צו געבען א דערקלערונג אויף דעם צו־שריפט, אז מיר גלויבען דאס ווען די נאצ. באַרד אוו דירעקטארען וואלט די פראגע אויפגענומען ביי אירער א זיצונג און ניט אויסגע־הערט בלויז דעם אפעלאנט, נאר אויך די פארטרעטער פון דער נאצ. עקזעקוטיוו, וואלט זייער באשלוס געווען אן אנדערער.

פון בר. 105, — זיי רעקאמענדירען איינצופירען, אז די א. ר. קאנווענשאנס זאלען אפגעהאלטען ווערען איין מאל אין דריי יאר, אנשטאט איין מאל א יאר. באשלאסען איבערצוגעבען דעם צושריפט צו דער קאנווענשאן רעקאמענדיישאן קאמיטע.

פון בר. 96, — לאדען איין צוויי פארטרעטער צו זייער פופצען־יעריגען יובילעאום. וואס וועט געפייערט ווערען דעם 11־טען דיזען מאנאט. ערוויילט פר. כאנין און פרידמאן.

פון בר. 631, — לאדען איין א פארטרעטער צו זייער 2־יעהרליכען יובילעאום דעם 19־טען פעב. באשלאסען דעם צושריפט איבערצוגעבען צו דער נאצ. ארג. קאמ. מיט דער פארשטענדניס, אז זיי זאלען זען שיקען אהין א פארטרעטער.

פון בר. 214, — זיי לאדען איין א פארטרעטער צו זייער 15־יעהרליכען יובילעאום. ערוויילט פר. לעוויטאן.

פון בר. 337, דעטראיט, — זיי דריקען אויס א פראטעסט געגען דעם וואס פר. ל. דינערשטיין האט פארלאזען זייער מיטינג צוליב דעם וואס זיי האבען ניט צוגעלאזט די פארטרעטער פון דער ארטיגער דיסט־ריקט קאמיטע. עס ווערט באשלאסען צו האנדלען וועגען דעם נאכ'ן רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע.

## באריכטען

פר. גוסקין דערקלערט, אז ער האט ניט געקענט זיין ביים יובי־לעאום באנקעט פון בר. 39, ווייל ער איז דאמאלס געווען פארטראטען ביים דזשאינט מיטינג פון די עליזאבעטער, נ. דזש., ברענטשעס.

פר. ראזענבלאט באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען דארט פון דער אפיס קאמיטע, וועלכע האט געקראגען א באזונדערע איינלא־דונג פון בר. 39. דער יום־טוב איז געווען זייער א שיינער, און ער האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. מאלאט באריכטעט, אז פר. ראבערטס און ער זיינען געווען פארטראטען ביים יובילעאום פון בר. 417, און זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. ל. ראטהמאן באריכטעט. אז ער איז געווען פארטראטען ביי בר. 656 ביים מיטינג, וואו עס זיינען דיסקוטירט געווארען די פראגען, וועלכע ווערען ארויסגערופען דורך דער 15־נער קאמיטע. ס'איז ביי יענעם מיטינג אויך געווען א פארטרעטער פון דער 15־נער קאמיטע. פר. ל. ראטהמאן דערקלערט, אז ער האט ביים מיטינג איבערגעגעבען די שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו בנוגע דער 15־נער קאמיטע און גע־מאכט קלאר פיל פראגען, וועלכע די 15־נער קאמיטע סטארעט זיך צו מיסאינפארמירען די ברענטשעס און מיטגלידער. דער ברענטש איז געווען צופרידען וואס די עקזעקוטיוו האט געשיקט צו זיי א פאר־טרעטער.

פר. מאלאט באריכטעט, דאס פר. בלאק און ער זיינען געווען פאר־טראטען ביי דער א. ר. קאאפעראטיוו קאנפערענץ, וועלכע איז געווען זייער גוט באזוכט. ס'איז באריכטעט געווארען, אז די א. ר. קאאפע־ראטיווע בעקעריי האט געטאן ביזנעס אויף 205 טויזענט דאלאר; אז די בעקעריי האט דורכגעמאכט די שווערסטע צייט, אבער זי נויטיגט זיך אין ווייטערדיגער הילף און אונטערשטיצונג פון די א. ר. ברענ־טשעס, אום צו קענען דורכגיין דעם יעצטיגען שווערען קריזיס, וועל־כען פיל פריוואטע בעקערייען פילען גאנץ שטארק.

עס ווערען געשטעלט פראגען, צי די א. ר. קאאפעראטיווע גע־זעלשאפט האט געענדערט איר קאנסטיטוציע און אין איר פארוואלטונג זאלען קענען זיין פארטרעטער פון ברענטשעס, וועלכע האבען שערס פון דער קאאפעראטיווער געזעלשאפט, און ניט בלויז פערזאנען, וועל־כע זיינען שער־האלדערס. עס ווערט באשלאסען אנצופרעגען וועגען דעם ביי דער קאאפעראטיווער געזעלשאפט.

פר. לעוויטאן באריכטעט, אז אונזערע פארטרעטער זיינען אנווע־זענד ביי דער מאיר לאנדאן יובילעאום קאמיטע, וועלכע מאכט אלע פארבארייטונגען צו פייערען מאיר לאנדאנס 50־יעריגען יובילעאום. די קאמיטע ווערט געבעטען ווייטער צו אטענדען.

פר. ווייגבערג באריכטעט, אז ער איז געווען פארטראטען ביי דעם יובילעאום פון בר. 656. דער באנקעט איז געווען זייער א שיינער און עס האט זיך געפילט א אמת'ע באגייסטערונג צווישען אלע אנווע־זענדע. ער האט זיי באגריסט אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיוו. באריכט ווערט גוטגעהייסען.

## קאנווענשאן רעקאמענדיישאנס

פר. ל. ראטהמאן, סעקרעטער פון דער קאמיטע, דערקלערט, אז די קאנווענשאן רעקאמענדיישאן קאמיטע איז נאך ניט אין גאנצען פארטיג מיט איר ארבעט. ער לעזט פאר די רעקאמענדאציעס, וועלכע זיינען ביז יעצט אויסגעארבעט. (זע רעקאמענדאציעס פון דער נאצ. עקז. צו דער קאנווענשאן אויף אן אנדער פלאץ אין דעם נומער „פריינד“.)

פר. ל. ראטהמאן דערקלערט, אז די קאנווענשאן רעקאמענדיישאן קאמיטע האט ערוויילט א סאב־קאמיטע אויסצוארבעטען א פרינציפען־דערקלערונג, וועלכע זאל געבראכט ווערען צו דער קומענדער קאנווענ־שאן. אין דער סאב קאמיטע זיינען ערוויילט פר. כאנין, ל. ראטהמאן און באסקין, וועלכע וועלען זיך בעראטען מיט אונזער ליגעל אדווייזער, מאיר לאנדאן.

## קאמיטעס

פון דער 15־נער קאמיטע, — זיי לאדען איין צו שיקען א פאר־טרעטער צו זייער קאנפערענץ זונטאג דעם 12־טען פעברואר, וואו עס וועט דיסקוטירט ווערען די פראגע וועגען אננעמען א פרינציפען־דער־קלערונג, וועלכע זיי שלאגען פאר. עס ווערט באשלאסען קיין פאר־טרעטער ניט צו שיקען, און זיי ענטפערען. אז ווען זיי וואלטען אונז צוגעשיקט א קאפיע פון דער פרינציפען־דערקלערונג, וועלכע זיי ווילען פארשלאגען, וואלטען מיר געהאט א געלעגענהייט זי צו דיס־קוטירען, שיקען א פארטרעטער צו דער קאנפערענץ און דערקלערען אונזער מיינונג וועגען דעם.

פון דער קאאפעראטיוו פייער אינשורענס פון סאליוועו קאונטי, — זיי בעטען, אז די עקזעקוטיוו זאל באאויפטראגען די סאניטאריום קאמיטע צו אינשורען אין זייער קערפערשאפט א טייל פון די סאני־טאריום געביידעס. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען די פראגע צו דער סאניטאריום קאמיטע.

פון לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, ניו־יארק אפיס, — זיי בעטען אז די עקזעקוטיוו זאל אינדארסירען זייער קאמפיין וואס זיי פירען אן

שאַפען אַ געוויסע סומע פאַר דעם לאָס אנדזשעלעס סאַניטאַריום. עס ווערט באַשטימט צו האַנדלען וועגען דעם ביי אַ צווייטען מיטינג.

---

אַ צווייטע זיצונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפענט 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג פון טשערמאַן, פר. ר. גוסקין.

## קאָמיטעס

פון קאָמיטעט צו שאַפען אידישע ביכער פאַר רוסלאַנד, — זיי בעטען צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו זייער קאָנפערענץ, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 12־טען פעברואַר, און זיי פאַרלאַנגען אויך, אַז אָט די קאָנפערענץ זאָל פון דער עקזעקוטיוו אינדאָרסירט ווערען. באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג. אַלס פאַרטרעטער ווערען ערוויילט פר. לעסין און לאַנג.

פון דער ניו־יאָרק „קאָל“, — זיי דערקלערען, אַז זיי פירען אַן אַ קאַמפּיין אַוועקצושטעלען די ניו־יאָרק „קאָל“ אויף אַ געזונטען באָדען, אַזוי דאָס זי זאָל ווערען אַ פּאָפּולערע צייטונג, געלעזען פון ברייטע אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסען. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיי העלפען אין זייער אַרבעט. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביי אַ צווייטען מיטינג.

פון בר. 332, — זיי דערקלערען, אַז ביי זיי איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם וואָס אַ מיטגליד פון זייער ברענטש האָט זיך ניט אויפגעפירט ווי געהעריג אין דער צייט ווען עס איז פאָרגעקומען אַ סטרייק ביי אים אין שאָפּ. זיי האָבען באַשלאָסען מיט 41 שטימען געגען 25, אַז ער זאָל טראַנספערירט ווערען פון ברענטש, — דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט דעם פאַרטרעטער, אַז דער ברענטש זאָל לאָזען שריפטליך וויסען דעם אָפיס וועגען זייער באַשלוס.

פון בר. 54, — לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו זייער 20טען יערליכען יובילעאום. ערוויילט פר. מאַלאַט און פרידמאַן.

פון פיפּעלס רעליף קאָמיטע, — פר. אַלעקס קאָהען דערקלערט. אַז אין פאַרבינדונג מיט דעם דרייוו פאַר 14 מיליאָן דאָלאַר, וואָס ווערט איצט אָנגעפירט, וועט דעם 17־טען ד. מ. אָפּגעהאַלטען ווערען אַ קאָנפערענץ פון דער פיפּעלס רעליף, און זיי בעטען, אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל דאָרט זיין פאַרטראָטען. זיי פאַרלאַנגען אויך, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זען צו דערקלערען פאַר די ברענטשעס, אַז דער אַ. ר. איז ניט אַרויסגעטראָטען פון דער פיפּעלס רעליף קאָמיטע. ער דייטעט דערביי אָן, אַז לעצטען יאָר האָבען זיי דורכ'ן „אידגעזקאָם“ איבערגעשיקט אין רוסלאַנד פאַר אומגעפער אַ מיליאָן דאָלער זאַכען, אויך אַרום 200 טויזענט דאָלאַר פאַר קולטורעלע אַרבעט אין די מלחמה־לענדער. דער טשערמאַן דערקלערט, אַז די עקזעקוטיוו וועט האַנדלען וועגען דעם נאָכ'ן רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועמען עס איז איבערגעגעבען געוואָרען די רעליף־טעטיגקייט.

פון בר. 280, — זיי בעטען צו געבען זיי אַן ענטפער וועגען זייער פאַרלאַנג צו ענדערען דעם נאָמען פון ברענטש. דער טשערמאַן דערקלערט די קאָמיטע, אַז די עקזעקוטיוו וועט האַנדלען וועגען דעם ביי אַ קומענדען מיטינג, און מיר וועלען זיי דאַן לאָזען וויסען אונזער באַשלוס.

עס ווערט באַשלאָסען האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָווענט, דעם 14־טען פעברואַר.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמ. ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָווענט דעם 14־טען פעבר. מיט פר. העסקעל אַלס טשערמאַן.

פר. גוסקין האָט געלאָזט וויסען, אַז ער איז פאַרנומען און קען הוינט ניט קומען.

## קאָמיטע

פון אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, — פר. איוועונסקי און סינגער אַלס קאָמיטע דערקלערען, אַז די אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי האָט געטאָן געשעפטען אויף 205 טויזענט דאָלאַר. זיי האָבען אָבער געהאַט אַ דעפיציט, ווייל די יעצטיגע צייט איז זייער שווער אַפילו פאַר פּריוואַטע בעקערייען. די אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי וויל אָנפירען אַ קאַמפּיין צווישען די אַ. ר. מיטגלידער צו העלפען עפענען „טשיין“ סטאָרס פאַר זייער בעקעריי. די באָרד און דירעקטאָרען האָט באַשלאָסען צו ווענדען זיך צו די יוניאָנס, אַז זיי זאָלען פּאַטראָנירען די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג, און זיי ווילען אויך אַרויסלאָזען פאַר פינף און צוואַנציג טויזענט דאָלאַר באָנדס אויף 5 יאָר צייט. זיי ווילען האָבען דערצו די צושטימונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ סאַב־קאָמיטע, וועלכע זאָל צוזאַמען מיט זייער באָרד און דירעקטאָרען אויסאַרבעטען אַ גענויען פּלאַן פאַר אָט די קאַמפּיינס. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. לעוויטאַן, סאַפּירמאַן און וויינבערג.

## באַריכט פון קאָנווענשאַן אַראַנזשמענט קאָמיטע

פר. העסקעל באַריכטעט, אַז די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שיקען אַ פאַרטרעטער אין טאָראָנטאָ צו מאַכען די נויטיגע אַראַנזשמענטס פאַר דער קאָנווענשאַן. ער איז ערוויילט געוואָרען אַלס פאַרטרעטער. פר. העסקעל דערקלערט פאָלגענדעס:

ס'איז אוממעגליך געוועזן דאָרט צו קריגען אַ פּאַסענדען האָל פאַר די זיצונגען פון דער קאָנווענשאַן. מעסיע האָל, איינער פון די שענסטע האָלס פון טאָראָנטאָ, איז גענומען געוואָרען פאַר דער ערעפענונג און דער האָל פון קינג עדוואַרדס האָטעל איז גענומען געוואָרען פאַר די זיצונגען פון דער קאָנווענשאַן. די אייגענטימער פון איינציגע האָלס, וועלכע וואָלטען געוועזן מער פּאַסענד פאַר די זיצונגען פון אונזער קאָנווענשאַן, האָבען זיך אָנטזאָגט צו פאַררענטען זייערע האָלס ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דאָס וועט זיין אַ קאָנווענשאַן פון „באָלשעוויקעס“. ער דייטעט אָן, אַז די אַראַנזשמענט קאָמיטע פון טאָראָנטאָ באַשטייט פון זייער פּראַקטישע מענשען, און זיי וועלען טאָן אַלעס צו מאַכען די אַ. ר. קאָנווענשאַן אַזוי שיין און פּראַכטפול ווי עס איז נאָר מעגליך. זייער פּלאַן איז: דינסטאָג אָווענט צו האָבען אַ קאָנצערט, דאָנערשטאָג אָווענט אַ באָל פאַר די דעלעגאַטען און געסט, און דורך דעם לאָקאַלען קאָנווענשאַן טעקס און די צוויי אונטערנעמונגען ערוואַרטען זיי צו שאַפען אַרום 2־3 טויזענט דאָלאַר, וואָס זאָל העלפען דעקען זייערע אויסגאַבען. די קאָנווענשאַן אַראַנזשמענט קאָמיטע ערוואַרטעט צו קריגען פון דזשענעראַל אָפיס אַרום 2500$ פאַר זייערע קאָנווענשאַן אויסגאַבען. פר. העסקעל דערקלערט, אַז זייענדיג אין טאָראָנטאָ איז ער געוועזן אַנוועזענד ביי די ברענטש־מיטינגען, וועלכע זיינען געוועזן זייער גוט באַזוכט.

ער באַריכטעט אויך, אַז עס זיינען געמאַכט געוואָרען אַראַנזשמענטס מיט אַ באַנק אין טאָראָנטאָ, וועלכע וועט אויסצאָלען געלדער אין דער צייט פון קאָנווענשאַן אין אַמעריקאַנער דאָלאַרס.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם קאָנווענשאַן בולעטין, האָט ער אויסגעפונען, אַז ס'איז דאָרט פאַראַן אַ פּרינטער, וועלכער נעמט זיך אָן אַרויסצוגעבען דעם בולעטין יעדען טאָג, און עס וועט דאַרפען קאָסטען אַרום 60־70 דאָלאַר אַ נומער. נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע ווערט באַשלאָסען דעם רעפּאָרט פון פר. העסקעל גוטצוהייסען.

## מאיר לאָנדאָן יובילעאום קאָמיטע

פר. דזש. ראָטהמאַן, פאַרטרעטער אין דער קאָמיטע, דערקלערט, אַז אַלע גרעסערע אידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען פאַרטראָטען אין דער מאיר לאָנדאָן יובילעאום אַראַנזשמענט קאָמיטע. עס וועלען זיין היבשע עטליכע הונדערט דאָלאַר אויסגאַבען, און די קאָמיטע ערוואַרטעט, אַז ער אַ. ר. זאָל דעקען אַ טייל פון די הוצאות. עס ווערט דעבאַטירט די פראַגע, צי די עקזעקוטיוו זאָל ביישטייערען אַ חלק פון די אויסגאַבען פון אָט דער אונטערנעמונג. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען צו דעקען אונזער חלק פון די אויסגאַבען, לויט דער פּראָפּאָרציע פון די אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען אין דער אַראַנזשמענט קאָמיטע פאַרטראָטען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס: זונטאָג דעם 19־טען ד. מ. וועט אָפּגעהאַלטען ווערען די קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר דער קומענדער פאַרוואַלטונג. זונטאָג דעם 26־טען ד. מ. וועט אין ברוקלין פאָרקומען די טעריטאָריען־קאָנפערענץ צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן.

דינסטאָג אָווענט דעם 28־טען ד. מ. וועט אין „פאָרווערטס“ האָל אָפּגעהאַלטען ווערען די ניו־יאָרק טעריטאָריען קאָנפערענץ צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן. ס'איז נויטיג, אַז די עקזעקוטיוו זאָל ערוויילען פאַרטרעטער צו די דאָזיגע קאָנפערענצען.

ער דערקלערט, אַז דער אָפיס איז יעצט זייער פאַרנומען מיט די פאָרבאַרייטונגען פון די טעריטאָריען קאָנפערענצען, וועלכע ווערען איצט אָפּגעהאַלטען איבער'ן גאַנצען לאַנד.

אונזער מיטגלידערשאַפט איז צום ערשטען פעברואַר פון היינטיגען יאָר געווען 84554. אונזער מיטגלידערשאַפט צום ערשטען יאַנואַר 1921 איז געווען 81576. נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט די שווערע צייטען, וועלכע מיר לעבען איבער, איז ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגען אויף אָט דעם צואוואוקס.

ער דייטעט אָן, אַז דער קאַמפּיין פאַר דער היברו אימיגראַנט איַיד סאָסייעטי האָט ביז יעצט אַריינגעבראַכט בלויז אַרום 2 טויזענט דאָלאַר. פאַר די רוסישע רעליף האָט זיך אין אָפיס אָנגעקליבען נאָך אַרום 16 טויזענט דאָלאַר.

די אינפלוענציע האָט געהאַט אַ קליינע ווירקונג אויף דעם סורפּלוס פון בענעפיט פאָנד ביז יעצט, אָבוואָל עס זיינען די לעצטע עטליכע וואָכען אַריינגעקומען אַביסעל מער סיק סערטיפיקייטס ווי אין געוויינליכע צייטען.

וועגען די קאָנווענשאַן דעלעגאַטען, וועלכע זיינען ניט קיין סיטיזענס, וועלען זיין געוויסע שוועריגקייטען פאַרבונדען מיט זייער פאָרען אין קענעדע, אורטיילענדיג פון דעם צושריפט וואָס דער אָפיס האָט געקראָגען פון דעם אימיגראַציאָנס דעפּאַרטמענט פון קענעדע.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער אָפיס זאָל אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען צו זען קריגען אַן ערלויבניש פון אימיגראַציאָנס דעפּאַרטמענט, אַז דעלעגאַטען ניט־סיטיזענס זאָלען אויך קענען פאָרען צו דער קאָנווענשאַן.

אַלס פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ דעם 19־טען פעברואַר ווערען ערוויילט פר. גוסקין, לעוויטאַן און קרינסקי. צו דער טעריטאָריען קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, דעם 28־טען ד. מ., ווערען ערוויילט פר. גוסקין, דינערשטיין און יאַקאָבי. צו דער ברוקלין טעריטאָריען קאָנפערענץ, דעם 26־טען ד. מ., ווערען ערוויילט פר. העסקעל און מאַלאָט.

דעם סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

---

פר. ביילין, רעדאַקטער פון „פריינד", בעט, אַז די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס זאָלען גלייך צוטרעטען אויסצואַרבעטען די יערליכע רע־פּאָרטס פאַר'ן קאָנווענשאָן נומער „פריינד".

פר. ביילין גיט אויך איבער, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנפערענץ צו שאַפען ביכער פאַר רוסלאַנד. עס איז דאָרט באַשלאָסען געוואָרען צוצוציען צו זייער עקזעקוטיוו פאַרטרעטער פון נאַצ. אַרבעטער קערפּערשאַפטען. ער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף ערוויילען אַ פאַרטרעטער צו זייער עקזעקוטיוו קאָמיטע. פר. באַסקין ווערט ערוויילט צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

פר. גוסקין, ל. ראָטהמאַן און כאַנין ווערען ערוויילט אַלס קאָמיטע אָנצושרייבען דעם עקזעקוטיוו קאָנווענשאָן ־רעפּאָרט.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזיצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָוונט, דעם 21־טען פעברואַר.

פּ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

א פאָרזיצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמ. ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָוונט דעם 21־טען פעבר. מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון בר. 168, — לאַדען איין פאַרטרעטער צו זייער 5־יעריגען יובילעאום. וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 25־טען ד. מ. ערוויילט פר. פרידמאַן.

פון די וואָירקערס יוניטי אסאָסיאיישאָן, — בעטען צו אינדאָר־סירען זייער 8־טעגיגען באַזאַר, וועלכען זיי אָרגאַניזירען פאַר די הונגעריגע קינדער אין רוסלאַנד, פון דעם 10־טען ביז דעם 18־טען מערץ. זיי דייטען אָן, אַז זיי האָבען באַשטימט מאָנטאָג אָוונט דעם 12־טען מערץ אַלס אַ ספּעציעלען אַרבעטער־רינג אָוונט.

פון אַטלאַנטאַ דיסטריקט קאָמיטע, — זיי גיבען איבער וועגען אַ פאַל וואָס אַ דזשאָדזש האָט אין אַטלאַנטאַ זיך אָנטזאָגט אַרויסצוגעבען סיטיזען־פּייפּערס צו אַ מיטגליד פון אָ. ר. פר. געליבטער דייטעט אָן, אַז עס וואָלט געווען ווינשענסווערט אויפצונעמען די פראַגע מיט דעם נאַטשוראַליזיישאָן דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן, ווייל, ווי באַוואוסט, זיינען ענליכע פאַלען שוין פאָרגעקומען אין עטליכע שטעט. עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער אָפיס זאָל די זאַך אויפנעמען, און אויב עס וועט נייטיג זיין, זאָל דער סעקרעטער פאָרען אין וואַשינגטאָן וועגען דער אנגעלעגענהייט.

## קאָמיטעס

פון בר. 121, פעטערסאָן, -- זיי דערקלערען, אַז זיי האָבען 451 מיטגלידער, גאָר צוליב דעם וואָס 6 מיטגלידער זיינען פאַר'ן ערשטען יאַנואַר געשטראָכען געוואָרען, און זייערע ריאינסטייטמענטס זיינען אַריינגעקומען נאָך ניי־יאָר, האָט דער אָפיס פאַר זיי באַשטימט מיט 1 דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן ווייניגער ווי זיי זיינען באַרעכטיגט. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען פאַר זיי נאָך אַ דעלעגאַט, ווייל לויט דער נייער קאָנסטיטוציע איז אַ ברענטש באַרעכטיגט צו דער פּראָפּאָרציע דעלעגאַטען לויט זיין מיטגלידערשאַפט, אין דער צייט ווען די נאָמינייזשאָן פאַר דעלעגאַטען ווערט אָרגאַניזירט.

פון בעיאָנער אַ. ר. ליבאָר־ליסעאום, — זיי בעטען צו שיקען פאַרטרעטער צו זיי דעם 26־טען מערץ, ווען עס וועט זיין די ערעפע־נונג פון זייער ליבאָר־ליסעאום, און אויך זונטאָג דעם 2־טען אַפּריל צום באַנקעט. עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען פאַרטרעטער צום קומענדען מאָנאַטליכען מיטינג.

פון פאַסייק, נ. דזש., — אַ קאָמיטע דערקלערט, אַז ביידע אָרטיגע ברענטשעס ווילען פייערען דעבסעס באַפרייאונג, זונטאָג ביוטאָג דעם 5־טען מערץ. זיי בעטען צו שיקען צוויי רעדנער צו דעם מיטינג. ערוויילט פר. לאַנג און כאַנין.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען דעם פאַרלאַנג פון די פאַר־טרעטער פון לאָס אנדזשעלעס סאַניטאַריום (זע פּראָטאָקאָל פון 5־טען פעבר.) צו רופען די ברענטשעס צו שטיצען זייער קאַמפּיין.

## רעפּאָרט פון נאָמינייזשאַן קאָנפערענץ

פר. לעוויטאַן באַריכטעט, אַז פר. גוסקין, אַלס טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, האָט ערעפענט די קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר דער עקזעקוטיוו, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאָג דעם 19־טען פעברואַר. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ טומעל ווען פר. גוסקין האָט דערקלערט, אַז די צוויי פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו ווילען ציילען די שטימען פאַר די נאָמינירטע קאַנדידאַטען פאַר טשערמאַן פון דער קאָנפערענץ. די גרופּע „לינקע" דעלעגאַטען האָבען געפּאָ־דערט, אַז עס זאָל באַשטימט ווערען אַ ציילער־קאָמיטע. פר. גוסקין האָט דערקלערט, אַז ביז די קאָנפערענץ ערוויילט אירע באַאַמט[…] זי אונטער דער קאָנטראָל פון דער עקזעקוטיוו, פאָלגליך, אום אוי[…] צומיידען מיספאַרשטענדניסען, גלויבט ער, אַז די פאַרטרעטער פון די[…] עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועלכע זיינען ערוויילט געוואָרען צו דער קאָ[…] פערענץ, זאָלען אין דעם פאַל ציילען די שטימען, אום אָבער צו פאַ[…] מיידען ווייטערדיגע רייבונגען, האָט פר. גוסקין באַשטימט פר. באַסק[…] צו ציילען די שטימען. ביי ווייטערדיגע פאַרהאַנדלונגען פון די[…] קאָנפערענץ האָט די גרופּע „לינקע" דעלעגאַטען ניט אויפגעהערט [...] מאַכען שטערונגען אויף שריט און טריט. אַ דאַנק דעם טאַקט א[…] אויסגעהאַלטענקייט פון פר. נ. פיינערמאַן, וועלכער איז געווען טש[…] מאַן פון דער קאָנפערענץ, האָט די קאָנפערענץ דורכגעפירט איר אַרב[…] אויף אַ געזעצליכען אופן, כאָטש אַ קליינע גרופּע דעלעגאַטען פון ד[…] „לינקע" האָט זיך ביי ענדע פון דער קאָנפערענץ צוריקגעצויגען אוי[…] פּראָטעסט, ווייל מען האָט זיי ניט געגעבען איינעם אין דער קאָמי[…] פון צוויי צו ציילען די באַלאָטס פון דער קאָנפערענץ.

זיין באַריכט ווערט דאַן גוטגעהייסען.

פר. ל. ראָטהמאַן דערקלערט, אַז פר. זאַלצמאַן, אַלס מיטגליד פ[…] דער עקזעקוטיוו, האָט זיך ביי דער קאָנפערענץ עפענטליך אויסגעדריק[…] אַז ער גלויבט ניט די פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע צ[…] ציילען די שטימען. אַלס אַן עקזעקוטיוו מיטגליד האָט ער יאָ געמע[…] האָבען צוטרויען צו די פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. פ[…] ראָטהמאַן דערקלערט, אַז ער קלאָגט אָן פר. זאַלצמאַן פאַר דער דאָזיגע[…] האַנדלונג.

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט פר. ראָטהמאַנען, אַז ד[…] קלאַגע דאַרף ער פריער אַריינברענגען צו דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמי[…] וואו פר. זאַלצמאַן איז אַ מיטגליד.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו ווענדען זיך מיט אַן אויפרוף צו ד[…] ברענטשעס און מיטגלידער פון אַ. ר., אַז זיי זאָלען העלפען הע[…] דרייוו פון דער פּיפּעלס רעליף.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין סאַ[…] ניטאַריום איז אַלץ אין אָרדענונג.

ער דערקלערט, אַז דער אַסיסטענט קוק איז אַוועקגעשיקט געוואָר[…] און די אַרבעט פון קיטשען איז ריאָרגאַניזירט געוואָרען.

עס ווערען געמאַכט אַראַנזשמענטס מיט דר. ס. גאָלדבערג, אַ דענ[…] טיסט פון ליבערטי, צו קומען צוויי מאָל אַ וואָך אין סאַניטאַריום צ[…] קורירען די ציין פון די פּאַציענטען. דר. גאָלדבערג וועט אין סאַני[…] טאַריום אַריינשטעלען זיין אייגענעם דענטיסט־שטול. פאַר פּילונ[…] און קורירען די ציין וועלען די פּאַציענטען ניט דאַרפען צאָלען[…] אין פאַל זיי וועלען דאַרפען האָבען נייע ציין, אָדער אַנדערע אַרבעט[…] וועט זיי קאָסטען אַ סך ביליגער ווי פאַר אַזאַ אַרבעט ווערט געוויינליך[…] גערעכענט. דר. גאָלדבערג וועט קריגען געהאַלט 100$ אַ מאָנאַט.

בר. 717 האָט באַדאַנקט די סאַניטאַריום קאָמיטע און דר. אַנטאָ[…] נאָווסקי פאַר די גוטע פאַרוואַלטונג פון אַנשטאַלט. זיי האָבען אָט דע[…] אויסדרוק פון דאַנק צוגעשיקט נאָכדעם ווי זיי האָבען געהערט אַ רע[…] פּאָרט פון זייערע אַ מיטגליד, וועלכער איז צוריקגעקומען פון סאַ־ניטאַריום, וואו ער איז געווען אַ פּאַציענט.

דער סאַניטאַריום יום־טוב אין סאַניטאַריום איז געפייערט גע־וואָרען שבת אָוונט דעם 11־טען פעברואַר דורך אַ קאָנצערט, אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט מאַדאַם אַבראַמאָוויץ, מאַדאַם טאָ־מאַשעווסקי, אייב קופּערשטיין, וויאָלינִיסט, און זיין שוועסטער. אנא, וועלכע האָט אים אַקאָמפּאַנירט אויף דער פּיאַנאָ. זונטאָג, דעם 12־טען פעברואַר, איז געגעבען געוואָרען אַ באַנקעט פאַר די פּאַציענטען און געסט, צווישען וועלכע עס זיינען געווען דר. האַלפּערן, דער אַדמיטינג און וויזיטינג דאָקטער פון סאַניטאַריום, פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, ס. יאַנאַס, פאַרטרעטער פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען, ווי אויך פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו און פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. דער יום־טוב איז געווען זייער אַ שיינער און איינדרוקספולער און די פּאַציענטען זיינען געווען אמת באַגייס־טערט פון אָט דער פייערונג. רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען פון דר. האַלפּערן, דר. און מרס. אַנטאָנאָווסקי, פון פר. באַסקין און פון פיל פון די געסט. פר. גוסקין איז געווען דער טאָסטמייסטער ביים באַנקעט.

באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז איני־גע אָנגעשטעלטע זיינען אין פאַרלויף פון מאָנאַט געווען קראַנק. איינע פון די אָנגעשטעלטע האָט געהאַט אַן עקסידענט, זי האָט צעבראָכען אַ פוס און איז שוין קראַנק אַרום 9 וואָכען. דער אָפּיס האָט איר גע־צאָלט געהאַלט די גאַנצע צייט. ווי ס'זעט אויס, פילט זי שוין בעסער און וועט צוריקקומען אַרבעטען אין פאַרלויף פון דער קומענדער וואָך.

אין בר. 248 איז אַ מיטגליד געשטראָכען געוואָרען דעם 5־טען סעפּטעמבער 1921. דער טשעק דורך וועלכען ער האָט באַצאָלט זיין דיוס איז גדייטעט דעם 22־טען סעפּטעמבער, דעם 25־טען סעפּטעמבער איז דער טשעק שוין דורכגעגאַנגען די באַנק, און דעם 26־טען סעפּ־

טעמבער איז ער געשטאָרבען. אין אָפּיס איז ער אין דער צייט אָבער ניט געווען ריאינסטייטעט. דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער איז ניט ריאינסטייטעט געוואָרען אין צייט, ווייל זייער סעקרעטער איז דאַמאָלס געווען קראַנק. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען די טויטען־בענעפיט פאַר אים אויסצוצאָלען.

נאָך 30 טויזענט דאָלאר זיינען אינוועסטעט געוואָרען אין באָנדס.

די אָפּיס קאָמיטע האָט געוואָלט „רייטען" דעם אַרבעטער־רינג, אָבער די פירמעס וועלכע מאַכען די רייטינג האָבען דערקלערט, אַז דאָס ווערט געטאָן בלויז מיט ביזנעס־אונטערנעמונגען, אָבער ניט מיט פראַטערנאַל אָרגאַניזאַציעס.

די באָנד קאָמפּאַניע האָט אויסגעצאָלט $500 צו בר. 461, וועמעס פריערדיגער סעקרעטער האָט פאַרנומען ברענטש־געלדער.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען, אַז די נייע קאָנסטיטוציע זאָל ניט געדרוקט ווערען אין אַזאַ גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרען, ווי מען פלעגט געוויינליך דרוקען; נאָר די פּלאַטען פון דער קאָנסטיטוציע זאָלען ביי אונז געהאַלטען ווערען און יעדען יאָר זאָל אָפּגעדרוקט ווערען אַ געוויסע צאָל קאָנסטיטוציעס מיט די ענדערונגען וואָס ווערען נאָך דער קאָנווענשאָן און רעפערענדום אָנגענומען.

דער אָפּיס האָט געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט'ן פּאָסט אָפּיס צו קריגען אַן ערלויבניש אַרויסצושיקען בריף אָן סטעמפּס, און מיר זאָלען פאַר די סטעמפּס נאָכהער דאַרפען צאָלען. ווען פר. געליבטער האָט געמאַכט אַ גענויע אונטערזוכונג וועגען דעם, איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז דער מוילינג קלוירק וועט אָפּטמאָל דאַרפען אָוועקגעבען מער צייט צו וואַרטען אין פּאָסט אָפּיס, וואו מען נעמט צו אַזאַ מעיל, ווי די צייט וואָס ער פאַרנעמט דאָס אָנקלעפּען פון די סטעמפּס. ס'איז דארום באַשלאָסען געוואָרען אַזאַ ערלויבניש ניט צו קריגען.

די אָפּיס קאָמיטע האָט פאַרהאַנדעלט מיט'ן „פאָרווערטס" וועגען דער העכערונג פון רענט פאַר אונזער אָפּיס און איז געקומען מיט זיי צו אַזאַ פאַרשטענדניס: פאַר'ן ערשטען האַלבען יאָר פון היינטיגען יאָר זאָל מען צאָלען $2750. און פאַר'ן צווייטען האַלבען יאָר און ווייטער זאָלען מיר צאָלען $7000. דאָס זאָל שוין אויך דעקען די אויסגאַבע פאַר עלעקטריק, פאַר וועלכע מיר פלעגען באַזונדער צאָלען.

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, גיט איבער פאָלגענדען באַריכט וועגען בר. 337, דעטראָיט, אין וועלכען ס'איז אַרויסגעקומען אַ סכסוך צוליב דער דיסטריקט קאָמיטע.

ער דערקלערט, אַז דער ברענטש איז שוין אַ לאַנגע צייט שולדיג צום אָפּיס איבער $800. ווען ער איז געפאָרען אויפ'ן אָרגאַניזאַציאָנס־טור און איז געקומען אין דעטראָיט, האָט ער צוזאַמען מיט פאַרטרעטער פון דער סיטי קאָמיטע געוואָלט ביים ברענטש־מיטינג אויפנעמען די פראַגע. דער ברענטש האָט אָבער ניט געוואָלט צולאָזען די פאַרטרעטער פון דער דיסטריקט קאָמיטע צוליב די רייסעריען וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען זיי און דער דיסטריקט קאָמיטע. ער האָט דאַן די מיטגלידער פון ברענטש דערקלערט, אַז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס איבער'ן לאַנד פאַרטרעטען די נאַצ. עקזעקוטיוו אויף די ערטער, און פאָלגליך דאַרפען זיי צוגעלאָזען ווערען דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען ברענטש־אַנגעלעגענהייטען. ווען דער ברענטש איז דורכאויס באַשטאַנען דערויף אַז די פאַרטרעטער פון דער דיסטריקט קאָמיטע זאָלען ניט צוגעלאָזען ווערען, האָט ער זיך אַנטזאָגט צו פאַרבלייבען ביים מיטינג. זיין האַנדלונג איז פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע שפּעטער גוטגעהייסען געוואָרען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט צו פאַרהאַנדלען מיט בר. 337 און זיי געבען אַ מעגליכקייט אויסצוצאָלען זייער חוב, אַזוי דאָס מען זאָל זיי ניט דאַרפען שטרייכען. פר. דינערשטיין דייטעט אָן, אַז בר. 337 און בר. 111, דעטראָיט, האָבען נאָכהער צוגעשיקט פּראָטעסט־רעזאָלוציעס געגען דער דאָזיגער שטעלונג זיינער ביים מיטינג פון בר. 337.

פר. דורסט, אַ מיטגליד פון בר. 337, וועלכער איז גראָד אין ניו־יאָרק, דערקלערט, אַז דער ברענטש האָט אים באַאויפטראַגט צו ווענדען זיך וועגען דער אַנגעלעגענהייט צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו. ער זאָגט, אַז דער סעקרעטער האָט קיינמאָל ניט רעפּאָרטעט צום ברענטש וועגען דעם חוב וואָס זיי זיינען שולדיג צום אָפּיס און ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעלעזען די צושריפטען וואָס דער אָפּיס האָט וועגען דער פראַגע געשריבען. ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט אַז דער ברענטש איז שולדיג אַזאַ גרויסע סומע צום אָפּיס, האָבען זיי צוגעשיקט די ביכער צום אוידיטינג דעפּאַרטמענט צו אונטערזוכען. זיי האָבען נאָכהער באַשטימט אַן עקסטרא טעקס פון אַ דאָלאר פער מעמבער פער קוואַרטאַל. דורך דעם טעקס וועלען זיי אויסצאָלען דעם חוב.

פר. כאַנין, וועלכער איז מיט אַ געוויסער צייט צוריק געווען אין דעטראָיט, געשיקט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אין פאַרבינדונג מיט די שולען, גיט איבער, אַז נאָך ווען ער איז דאָרט געווען האָט ער דעם ברענטש דערקלערט, אַז דער אָפּיס איז מיט דער מיינונג דאָס אויב זיי וועלען ניט מאַכען קיין פאַרזוך איינצוצאָלען זייער חוב, וועט בלייבען דער איינציגער אויסוועג צו שטרייכען דעם ברענטש.

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט, אַז פר. דינערשטיין האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט אין איינקלאַנג מיט די פירונגען פון אַ. ר.

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען ווייטער צו דער אָפּיס קאָמ. די פראַגע וועגען דעם חוב פון בר. 337.

---

פר. דינערשטיין גיט איבער, אַז אין בר. 191, פילאַדעלפיע, איז געווען אַזאַ פאַל: זייערער אַ מיטגליד איז ערוויילט געוואָרען אַלס „דזשאָסטים און פּיעס" אויפ'ן רעפּובליקאַנער טיקעט. ווען די אָרטיגע דיסטריקט קאָמיטע האָט אויפגעהויבען די פראַגע, האָט דער ברענטש זיך אָנטזאָגט צו נעמען אירגענד וועלכע שטעלונג. די קלאַגע איז וועגען דעם אַריינגעבראַכט געוואָרען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועלכע האָט גערופען אַ ספּעשעל מיטינג פון ברענטש און געשיקט אַהין אַ פאַרטרעטער. ביים מיטינג זיינען פאָרגעקומען רייסעריען, און דעם פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו האָבען זיי ניט צוגעלאָזען, אויף דעם גרונד, וואָס ער האָט ניט געהאַט מיט זיך קיין קרעדענשעל. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט גערופען אַ צווייטען ספּעשעל מיטינג, געשיקט דעם זעלבען פאַרטרעטער אָן אַ קרעדענשעל און געלאָזט וויסען יעדען מיטגליד, אַז ווען אַ ספּעשעל מיטינג ווערט גערופען פון דער עקזעקוטיוו, איז דער מיטינג דאַן אונטער דער אויפזיכט פון דער עקזעקוטיוו, און דער פאַרטרעטער פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע מוז אונטער אַלע אומשטענדען צוגעלאָזט ווערען. אויך ביי דעם דאָזיגען מיטינג האָט דער ברענטש וועגען דער פראַגע קיין שטעלונג ניט גענומען. זיי האָבען נאָכהער באַשטימט צו טרענספערירען פון ברענטש דעם באַטרעפענדען מיטגליד, וועלכער איז ערוויילט געוואָרען אַלס „דזשאָסטים און פּיעס", און צוליב וועמען דער גאַנצער טומעל איז פאַראורזאַכט געוואָרען.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט אַז די מיטגלידער פון ברענטש האָבען זיך ניט אויפגעפירט ווי אַ. ר. מיטגלידער דאַרפען זיך אויפפירען, האָט באַשלאָסען דעם ברענטש אין גאַנצען אויפצולייזען.

דער באַשלוס פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועגען בר. 191 ווערט גוטגעהייסען. עס ווערט באַשטימט גלייך צו לאָזען וויסען וועגען דעם די מיטגלידער פון ברענטש ווי אויך די דיסטריקט קאָמיטע פון פילאַדעלפיע, אַז בר. 191 וועט ביי זייער קומענדער טעריטאָריען־קאָנפערענץ ניט זיין באַרעכטיגט צו קיין פאַרטרעטערשאַפט.

פר. דינערשטיין דערקלערט, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט דאָס די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל איבערנעמען די אַרבעט פון דעם קאַמפּיין פאַר דעם אַ. ר. האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד. די דאָזיגע רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

פר. פישמאַן, סעקרעטער פון דער סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, דערקלערט, אַז די מאיר לאָנדאָן יובילעאום קאָמיטע האָט פאַרלאַנגט, אַז דער מענדאָלין אָרקעסטער זאָל אַרויסטרעטען ביי דעם קאָנצערט, וואָס וועט געגעבען ווערען שבת אָוונט דעם 4־טען מערץ. די סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וויל וויסען צי זיי זאָלען שיקען אַ ביל פאַר די הוצאות פאַר'ן אַרויסטרעטען פון אָרקעסטער צו דער מאיר לאָנדאָן יובילעאום קאָמיטע, אָדער די עקזעקוטיוו וועט דעקען די אויסגאַבען. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, ענטפערט אים, אַז די עקזעקוטיוו וועט דעקען די הוצאות.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דאָנערשטאָג אָוונט, דעם 23־טען פעברואַר.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

א פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דאָנערשטאָג אָוונט, דעם 23־טען פעברואַר, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

צושריפט

פון מאיר לאָנדאָן יובילעאום קאָמיטע, — לאַדען איין צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו דעם יובילעאום מיטינג און קאָנצערט, שבת אָוונט דעם 4־טען מערץ. ערוויילט פר. גוסקין.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, גיט איבער דעם איבעריגען טייל פון דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט לעצטענס אינסטאַלירט 3 נייע ברענטשעס: די יודעניצער, די פּערער און די אַמעריקאַן ליטעראַרי סאָסייעטי.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אַראַנזשירט צוזאַמען מיט דער ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אַ רייע מיטינגען און קאָנצערטען אין פאַרשידענע טיילען פון שטאָט. די מיטינגען טראָגען אַן עדיוקיישאָנאַל און אָרגאַניזאַציאָנס כאַראַקטער.

לעצטענס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען צוויי אַזעלכע מיטינגען און קאָנצערטען אין בראָנזוויל און דאַון־טאַון.

בר. 710 און 711 אין באָסטאָן זיינען פאַראייניגט געוואָרען אַלס בר. 710.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו באַזוכען די ברענטשעס פון מאַסאַטשוזעטס סטייט און סטימולירען זיי פאַר ווייטערדיגע טעטיגקייט.

פר. לעוויטאן איז געווען פארטראטען אין פאל־ריווער. דער ברענטש איז גאנץ טעטיג, און ער האט פארשפראכען צו טאן גוטע ארבעט אין דער נאענטער צוקונפט. זיי מאכען פארבארייטונגען צו ערעפנען אן א. ר. קינדער־שול.

פר. גוסקין און לעוויטאן זיינען געווען פארטראטען ביים דזשאינט מיטינג אין עליזאבעטה, נ. דזש. ווי באוואוסט, איז דארט פארגעקומען א סכסוך צווישען די ארטיגע ברענטשעס צוליב דעם וואס איין ברענטש שטיצט ניט דעם לייבאר־לייסעאום אין דער צייט ווען די איבעריגע ברענטשעס האבען א ספעציעלען טעקס פאר דעם. נאכדעם ווי מען האט זיך מיט זיי דורכגערעדט, איז די זאך געשליכטעט געווארען.

פר. זאלצמאן איז געווען פארטראטען אין הארטפארד ביי דער פאראייניגונג פון בר. 523 מיט בר. 543. ער האט אויך געהאט א מיטינג מיט דער דיסטריקט קאמיטע און אויסגעארבעט א פלאן פאר עדיוקיישאנאל טעטיגקייט. דארט קומען פאר רייבונגען צווישען מאנכע מיטגלידער און ברענטשעס, און עס איז נויטווענדיג געווען צו שיקען נאכאמאל א פארטרעטער. פר. לעוויטאן איז דארט לעצטענס געווען, און די ארגאניזאציאנס קאמיטע ערווארטעט, אז אלץ וועט איינגעארדענט ווערען

פר. דינערשטיין דערקלערט, אז פר. שעפטעל, סעקרעטער פון דער קליוולאנד דיסטריקט קאמיטע, איז געשטארבען, זייענדיג אין אמט. ווען ער איז געווען אין קליוולאנד האט מען אים איבערגעגעבען, אז פר. שעפטעל האט זיך פארקילט גייענדיג פון א מיטינג. פר. שעפטעל איז געווען איינער פון די טעטיגסטע און איבערגעבענסטע א. ר. טוער אין קליוולאנד און זיין טויט איז ווירקליך געווען א פארלוסט פאר אונזער ארטיגער באוועגונג.

דער טשערמאן, פר. גוסקין, בעט די מיטגלידער פון דער נאצ. עקזעקוטיוו צו ערען דעם פארשטארבענעם דורך אויפהייבען זיך פון די פלעצער.

דער רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע

פר. יאקאבי, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז ביי דער קאנפערענץ פון מעדיקאל דעפארטמענט איז צוריקגעוויזען געווארען די רעקאמענדאציע, אז יעדער ברענטש זאל מוזען באלאנגען מיט דער גאנצער מיטגלידערשאפט צום מעדיקאל דעפארטמענט.

אין בענעפיט דעפארטמענט קומען לעצטענס אריין פיל סיק־סערטיפיקייטס צוליב דער אינפלוענציע.

די בענעפיט קאמיטע האט געהאט א מיטינג מיט דער מעדיקאל אדוויזארי בארד וועגען איניגע פראגען, ווי אויך וועגען באשטימען בודזשעטען פאר די ניו־יארקער האספיטאלס פון דעם 5 טויזענט דאלאר פאנד. די בענעפיט קאמיטע האט באשטימט פאלגענדע בודזשעטען פאר די האספיטאלס אין ניו־יארק:

| | |
|---|---|
| בית ישראל האספיטאל — — — — — — — | $800 |
| מאנטעפיאר האום און סאניטאריום — — — | 500 |
| בית משה האספיטאל — — — — — — — | 300 |
| בראנזוויל האספיטאל — — — — — — | 300 |
| אידישע היים פאר קאנוואלעסענס — — — — | 300 |
| סט. דזשאזעף האספיטאל — — — — — | 200 |
| לבנון האספיטאל — — — — — — — | 200 |

פאר אויסער ניו־יארק האספיטאלס ווי פאלגט:

| | |
|---|---|
| פאר טאראנטא — — — — — — — — | $200 |
| " פעטערסאן — — — — — — — — | 200 |
| " שיקאגא — — — — — — — — | 500 |
| " נוארק — — — — — — — — | 200 |
| " פאר פילאדעלפיע — — — — — — | 500 |

פר. יאקאבי דערקלערט, אז די $500 פאר פילאדעלפיע וועלען געגעבען ווערען צום דארטיגען מט. סיניי האספיטאל, אין וועלכען מיר וועלען קריגען א צימער אויפ'ן נאמען פון א. ר. עס ווערט אויפגעהויבען א פראגע, ווארום עס איז ניט באשטימט געווארען קיין בודזשעט פאר דעם ניו־יארק מאונט סיני האספיטאל. עס ווערט באשלאסען איבערצוגעבען די זאך נאכאמאל צו דער בענעפיט קאמיטע צו האנדלען.

רעפארט פון דער בענעפיט קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע

פר. קראפקא, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט, אז א מיטגליד פון בר. 83 האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש, אז אלע מיטגלידער זאלען מוזען באלאנגען צו דעם מעדיקאל דעפארטמענט. די גריוועגס קאמיטע האט אים געענטפערט, אז דער ברענטש האט געהאט א רעכט אזוי צו האנדלען, ווייל דאס איז א פראגע וואס איז נוגע דעם גאנצען ברענטש.

בר. 97 האט אנגעקלאגט א געוועזענעם מיטגליד פון זייער בר. און איצטיגען מעמבער עט לארדזש פאר אגיטירען אין די לעצטע שטאטישע וואלען פאר קעפטען פריינק, וועלכער איז געווען א פיוזשאן קאנדידאט. וויינשטיין האט ניט נאר אגיטירט פאר קעפטען פריינק, נאר ער האט אין דער עפענטליכקייט באליידיגט די ס. פ. דער אנגעקלאגטער האט דאס ניט אפגעלייקענט. עס איז באשלאסען געווארען צו באשטראפען אים מיט $150, און זען אז ער זאל טרענספערירט ווערען צו א ברענטש.

א מיטגליד פון בר. 290 האט אפעלירט געגען באשלוס פון ברענטש ניט צו באוויליגען פאר אים קיין טרענספער, ווייל זיי מאנען פון אים א טעקס פון $15 פאר'ן לייבאר לייסעאום. ביים אויפנעמען דע[...] אפיל האט זיך ארויסגעצייגט. אז דער טעקס איז באשטימט געווארע[ן] נאך מיט עטליכע מאנאטען פריער איידער ער האט דעם טרענספע[ר] פארלאנגט. די גריוועגס קאמיטע האט באשלאסען אז דער אפעלאנ[ט] איז פארפליכטעט צו באצאלען דעם טעקס.

דער רעפארט פון דער נאצ. גריוועגס קאמיטע ווערט דאן גוט געהייסען.

## רעפארט פון דער נאצ. עדיוקיישאנאל קאמיטע

פר. באנין באריכטעט, אז דער לעקטשור־טור מיט פר. מ. האלטמא[ן] האט זיך אנגעפאנגען דעם 19־טען ד. מ. לויט דעם אפרוף פון ד[י] ברענטשעס, זעט עס אוים, אז זיין לעקטשור־טור וועט זיין אן ערפאלג.

אום צו ארגאניזירען דעם שול־צוזאמענפאר, וועלכער וועט אפ געהאלטען ווערען אין פילאדעלפיע פון דעם 14־טען ביז דעם 17־טען אפריל, איז פר. יעקב לעווין געשיקט געווארען אין פילאדעלפיע פו[ן] דער שול־קאמיטע מיט דער צושטימונג פון דער נאצ. עדיוקיישאנא[ל] קאמיטע.

פון די 6 אפלקאנטען פאר לערער, וועלכע זיינען עקזאמינירט גע־ווארען האט בלויז איינער אויסגעהאלטען דעם עקזאמען.

די שיקאגאר שולען האבען פארלאנגט, אז מען זאל פאר זיי באשטימען א הלואה. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען בלוי[ז] צו פארגרעסערען זייער בודזשעט אויף $150, אבער ניט קיין הלואה צו באוויליגען. די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט זיך גערעכענט דער־מיט וואס דער שול־פאנד איז געשאפען געווארען בלויז צו ארגאני־זירען נייע שולען און שטיצען די עקזיסטירענדע, אבער ניט אויף הלואות.

ס'איז באשטימט געווארען אלס פרעמיום צום „קינדערלאנד" צו געבען די לידער פאר קינדער, פון לאה האפמאן, אדער די „פיזיש[ע] ערציאונג פון קינד", פון אנא סאלוצקי. יעדער איינער, וועלכער וועט זיך סובסקרייבען פאר דעם „קינדערלאנד", וועט קענען קריגען איינע פון די צוויי ביכער פאר בלויז 75 סענט. לאה האפמאנס בוך וועט מען ארדערען אזוי פיל עקזעמפלארען וויפיל עס וועלען זיין באשטעלונגען פון סובסקרייבערס פון „קינדערלאנד".

ס'איז באשלאסען געווארען ארויסצוגעבען די לעקציעס פון פר. איוועגסקי, פאר די וועלכע וועלען זיך וועלען לערנען פירען ברענטש־ביכער פון א. ר.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט באשלאסען צו רעקאמענדירען צו דער קומענדער קאנווענשאן צו העכערען דעם אסעסמענט פאר'ן „פריינד" פאנד אויף איין סענט פון מיטגליד פער קווארטאל.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע רעקאמענדירט, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל ניט אננעמען די רעקאמענדאציע צו דער קאנווענשאן וועגען פאר־איניגען די עדיוקיישאנאל און ארגאניזאציאנס קאמיטעס, נאר לאזען אט די צוויי קאמיטעס באזונדער, ווי ביז איצט.

די ניו־יארק סיטי עדיוקיישאנאל קאמיטע טוט זייער גוטע אר־בעט סיי אין ארראנזשירען אלגעמיינע קאנצערטען און פארשידענע טיילען פון שטאט, סיי אין העלפען די ברענטשעס אין זייערע אונ־טערנעמונגען.

---

די פראגע וועגען העכערען דעם אסעסמענט פאר'ן „פריינד" ווערט באשלאסען איבערצוגעבען צו דער קאנווענשאן רעקאמענדיישאן קאמ.

זייער רעקאמענדאציע ניט אנצונעמען די רעקאמענדיישאן פון דער קאנווענשאן קאמיטע וועגען פאראייניגען די עדיוקיישאנאל און ארגאניזאציאנס קאמיטעס, ווערט באשלאסען ניט צו נעמען אין אנ־באטראכט.

די איבעריגע טיילען פון דעם רעפארט פון דער נאצ. עדיוקיי־שאנאל קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

פ. געליבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאצ. עקזע־קוטיוו קאמיטע ווערט ערעפענט זונטאג, דעם 5־טען מערץ, 11 א זייגער פרי, מיט פר. גוסקין אלס טשערמאן.

## צושריפטען

פון דער נאטשוראליזיישאן אייד ליג, — לאדען איין די עקזע־קוטוו צו זיין פארטראטען ביי זייער 13־יערליכער קאנפערענץ, זונ־טאג דעם 12־טען מערץ. ערוויילט פר. בלאק און נעבאמקין.

פון דער סאציאליסטישער פארטיי, 13־19 אס. עם. דיסט., ברוקלין, — זיי לאדען איין צו זיין פארטראטען ביי דעם באנקעט, וואס זיי ארראנזשירען פאר פר. וולאדעק אויף דינסטאג אווענט דעם 28־טען מערץ. ערוויילט פר. באסקין און גוסקין.

פון קאמיטעט צו שאפען אידישע ביכער פאר רוסלאנד, — זיי בעטען אויסצוקלייבען צוויי פארשטייער צו זייער עקזעקוטיוו קא־מיטעט. פר. העסקעל ווערט ערוויילט אלס צווייטער פארטרעטער צו

ר. באַסקין, וועלכער איז ביי אַ פריערדיגען מיטינג ערוויילט גע־
וואָרען צו זיין דאָרט פּאַרטרעטער.

פון בר. 121, פּעטערסאָן, — לאַדען איין אַ פּאַרטרעטער צו זייער
ופצען־יערליכען יובילעאום אויף היינט, זונטאָג ביטאָג. ערוויילט
ר. וויינבערג.

פון בר. 110, — זיי שלאָגען פאָר צו אינדאָרסירען און שטיצען
די „פריהייט", די טעגליכע אידישע צייטונג, וועלכע וועט אין
יבען ערשיינען. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז די דאָזיגע
פראַגע דאַרף פריער פאַרהאַנדעלט ווערען פון קאָנווענשאָן.

## קאָמיטע

פון אויפגעלייזטען בר. 191 — דערקלערען, אַז ביי זיי איז
פאָרגעקומען דער סכסוך צוליב זייערען אַ מיטגליד, וועלכער איז ער־
וויילט געוואָרען אַלס „דזשאַסטיס אוו פּיעס" אויפ'ן רעפּובליקאַנעם
טיקעט. אזוי ווי יענער האָט אין ברענטש געהאַט פיל פּערזענליכע
פריינד, האָבען די לעצטע געווירקט, אַז קיין שטעלונג זאָל געגען אים
ניט גענומען ווערען. אַ גרויסע טייל מיטגלידער זיינען אָבער ניט
געווען איינשטימיג מיט דער שטעלונג. אַלע מיטגלידער האָבע באַ־
שלאָסען צו אַפּעלירען צו דער נאַצ. ב. א. ד. געגען דעם באַשלוס פון
דער נאַצ. עקזעקוטיוו אויפצולייזען דעם ברענטש. זיי דייטען אָן,
אַז צוליב דעם וואָס עס זיינען ביי זיי וויניג אַקטיווע
מיטגלידער, און צוליב דעם וואָס דער באַטרעפענדער און זיין ברודער
זיינען געווען די פאַראַנטוואָרטליכע באַאַמטע און טוער, האָט מען
זיך אַלץ פאַרלאָזט אויף זיי. ווען דער בר. האָט זיך דערוואוסט, אַז
יענער איז ערוויילט אַלס „דזשאַסטיס אוו פּיעס" אויפ'ן רעפּובלי־
קאַנער טיקעט, האָבען זיי, אַלס ניט־ערפאַרענע און ניט־אַקטיווע מענ־
שען, פּשוט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זיי דייטען אָן, אַז די מיט־
גלידער פילען איצט, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַן עולה, און זיי בעטען
דארום ניט צו באַשטראָפען אַלע מיטגלידער מיט צונעמען פון זיי
דעם ברענטש.

פר. ר. גוסקין, טשערמאַן, דערקלערט דער קאָמיטע פון ברענטש,
אַז זיי האָבען אַ רעכט צו אַפּעלירען צו דער נאַצ. ב. א. ד. און זיי
וועלען אויף אַזאַ אופן בלייבען אַלס ברענטש ביז די נ. ב. ד. וועט
אַנטשיידען. דערווייל פאַרבלייבט יענער ביי זיי אַלס מיטגליד, אָבער
אין פאַרלויף פון דער צייט ביז זייער אַפּיל וועט פון דער נ. ב. א. ד.
אויפגענומען ווערען, זאָל דער ברענטש נאָכאַמאָל אויפנעמען די קלאַגע
געגען אים און האַנדלען בנוגע דער פראַגע ווי עס פּאַסט פאַר אַ
ברענטש פון אַ. ר.

## באַריכטען

פר. פרידמאַן באַריכטעט, אַז פר. כאַנין און ער זיינען געווען
פּאַרטראַטען ביי בר. 96 צו זייער 15־יעריגען יובילעאום. ס'איז
געווען זייער אַ שיינער אָוונט. פר. כאַנין האָט זיי באַגריסט אין
נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. באַריכט ווערט גוט־
געהייסען.

פר. לעוויטאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פּאַרטראָטען ביי בר.
214 ביי זייער 13־יעריגען יובילעאום. ער האָט זיי באַגריסט אין
נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. פרידמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פּאַרטראָטען ביים
יובילעאום פון בר. 268. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער
נאַצ. עקזעקוטיוו. זיי זיינען געווען צופרידען, וואָס מען האָט גע־
שיקט צו זיי אַ פּאַרטרעטער. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. באַסקין באַריכטעט, אַז די קאָמיטע צו שאַפען ביכער פאַר
רוסלאַנד האָט געהאַט אַ מיטינג: ס'איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די
פראַגע ווי צו דערגרייכען די ברייטע מאַסען און פאַראינטערעסירען
זיי אין דער אַרבעט. ביים מיטינג זיינען ערוויילט געוואָרען פּאַר־
טרעטער צו באַזוכען די גרעסערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין פאַר־
בינדונג מיט דער טעטיגקייט. די קאָמיטע איז מיט דער מיינונג,
אַז מען דאַרף קאָלעקטירען בלויז געלט, אָבער ניט קיין ביכער, ווייל
אויב מען זאָל אָנפאַנגען צו נעמען ביכער, וועלען פילע צושיקען
אַלטע ביכער, וועלכע עס וועט זיך ניט לוינען איבערצושיקען אין
רוסלאַנד. זיי האָבען געבעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַ. ר.
זאָל אַרויסשיקען אַ ספּעשעל צושריפט צו אונזערע ברענטשעס און
דיסטריקט קאָמיטעס וועגען דער טעטיגקייט, באַריכט ווערט גוט־
געהייסען.

פר. מאָלאָט באַריכטעט, אַז דער מאיר לאָנדאָן יובילעאום מאַס־
מיטינג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען נעכטען אָוונט, און ער איז גע־
ווען זייער גוט באַזוכט. פר. גוסקין האָט באַגריסט דעם יובעלאַר אין
נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. קרינסקי באַריכטעט, אַז פר. בלאַק, ראָזענבלאַט און ער זיי־
נען געווען אין סאַנאַטאָריום ביים 12 יעריגען יובילעאום. פר.
ראָבערטס און העסקעל, וועלכע זיינען אויך ערוויילט געוואָרען פון
דער עקזעקוטיוו, האָבען ניט געקענט קומען. ס'איז געווען זייער
אַ הערליכער יום־טוב, זייער שיין אַראַנזשירט. באַריכט ווערט גוט־
געהייסען.

פר. יאַקאָבי באַריכטעט, אַז די ניו־יאָרק טעריטאָריען־קאָנפע־
רענץ וועגען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען גע־
וואָרען דעם 28־טען פעברואַר. פר. ר. גוסקין, טשערמאַן פון דער
עקזעקוטיוו, האָט ערעפענט די קאָנפערענץ. ס'איז אויפגעהויבען גע־
וואָרען די פראַגע, צי דעלעגאַטען זאָלען ערוויילט ווערען ביי דער
קאָנפערענץ גופא אָדער דורך אַ רעפערענדום. צוויי האָבען גערעדט
פאַר ערוויילען דעלעגאַטען ביי דער קאָנפערענץ און צוויי האָבען גע־
רעדט „געגען". די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען צו ערוויילען דעלע־
גאַטען אויפ'ן פּלאַץ, און ניט שיקען דאָס צו אַ רעפערענדום־אָפּשטי־
מונג. אַלס קאָמיטע צו ציילען די באַלאָטס פאַר די דעלעגאַטען צו
דער קאָנווענשאָן זיינען ערוויילט געוואָרען פר. געלער פון בר. 640
און ראַשקין פון בר. 88. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. בלאַק הייבט אויף די פראַגע וועגען דעם צושריפט, וואָס די
גרופּע דעלעגאַטען, וועלכע האָט פאַרלאָזען די קאָנפערענץ, פאַרשפּרייט
צווישען די ברענטשעס. נאָך אַ קורצער דעבאַטע וועגען דער פראַגע
ווערט באַשלאָסען צו געבען אַ דערקלערונג אין דער פּרעסע בנוגע דעם
צושריפט, וועלכער איז פול מיט פאַלשע סטייטמענטס. עס ווערט אויך
באַשטימט צו ערוויילען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אויסאַרבעטען
אַזאַ דערקלערונג. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. ל. ראָטה־
מאַן, י. אַשפּיז און ם. העסקעל.

עס ווערט באַשלאָסען אָנצוקלאָגען פר. ר. זאַלצמאַן און מ. מאַנדעל,
די עקזעקוטיוו מיטגלידער, וועלכע האָבען זיך אונטערגעשריבען אונ־
טער אָט דעם פּאַסקוויל, וועלכער ווערט פאַרשפּרייט פון די דעלעגאַטען
וואָס האָבען זיך צוריקגעצויגען פון דער קאָנפערענץ און אין וועלכען
די עקזעקוטיוו ווערט פאַרלוימדעט. עס ווערט באַשטימט, אַז די
אויבענדערמאָנטע קאָמיטע פון 3 זאָלען זיין די אָפיציעלע אָנקלעגער,
זאָלען אָפיציעל אַריינברענגען אַ קלאָגע געגען זאַלצמאַנען און מאַנ־
דלען צו די באַטרעפענדע קאָמיטעס, פון וועלכע זיי זיינען מיטגלידער.

אין פאַרבינדונג מיט דער אַנגעלעגענהייט, דערקלערט פר. מאַנדעל,
אַז ביים מיטינג פון די דעלעגאַטען, וועלכע האָבען פאַרלאָזען די
קאָנפערענץ, איז דער צושריפט, וואָס ווערט איצט פאַרשפּרייט, ניט
פאָרגעלעזען געוואָרען. ער זאָגט, אַז ווען ער וואָלט געזען דעם
צושריפט, אין וועלכען עס ווערט דערמאָנט, אַז די עקזעקוטיוו האָט
געהאָלפען „פּאַקען" די קאָנפערענץ, וואָלט ער זיך אויף דעם זיכער
ניט אונטערגעשריבען; אַז ער איז אַפילו גרייט צו מאַכען אַ דער־
קלערונג וועגען דעם אין דער פּרעסע.

---

אַלס פאַרטרעטער צו דער ערעפענונג פון דעם בעיאָנער לייבאָר־
לייסעאום און זייער באַנקעט ווערען ערוויילט פר. בלאַק און גילמאַן.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו
זאָלען זיין פאַרטראָטען ביי מאיר לאָנדאָנס 50־יעריגען יובילעאום־
באַנקעט.

---

די צווייטע זיצונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט
ערעפענט דעם 5־טען מערץ, 1922, 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג, פון
טשערמאַן, ר. גוסקין.

פר. מאָלאָט דערקלערט, אַז עס וועט פאַר אים אוממעגליך זיין
צו זיין פאַרטראָטען ביי בר. 54. ער בעט צו שיקען אַ צווייטען אויף
זיין פּלאַץ. ערוויילט פר. גילמאַן.

פר. מאָלאָט באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער
ברוקלין טעריטאָריען־קאָנפערענץ דעם 26־טען פעברואַר. ביי דער
קאָנפערענץ זיינען געווען 37 דעלעגאַטען פון 21 ברענטשעס. די
קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען צו נאָמינירען צו 20 דעלעגאַטען און
שיקען דאָס צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג צו די ברוקלינער ברענ־
טשעס. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. לעוויטאַן באַריכטעט, אַז די קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט
קאָמיטע גייט ווייטער אָן מיט איר אַרבעט. זי שטייט אין אָפטע
פאַרבינדונג מיט דער קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע אין טאָראָנטאָ
און אַלע פאַרברייטונגען ווערען געמאַכט אויף אַ געהעריגען אופן.
באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## קאָמיטעס

פון בר. 231, — זיי דערקלערען, אַז די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַ־
ניזאַציאָנס קאָמיטע רופט אַ ספּעשעל מיטינג פון ברענטש. די עקזע־
קוטיוו פון ברענטש וואָלט וועלען אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל באַ־
שטימען, אַז דער מיטינג זאָל אָפּגעלייגט ווערען ביז זיי וועלען זיך
דורכריידען וועגען דער אַנגעלעגענהייט מיט דער סיטי אָרגאַניזאַ־
ציאָנס קאָמיטע. דער טשערמאַן, פר. ר. גוסקין, דערקלערט, אַז די
סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אַ רעכט צו רופען אַ ספּעשעל
מיטינג פון אַ ברענטש ווען זי געפינט דאָס פאַר נייטיג.

דער סעקרעטער פון בר. 231 זאָגט, אַז ער קלאָגט אָן פר. קרינסקי
אַז ער האָט געהאַט קרעדענשעלס פון צוויי ברענטשעס צו דער קאָנפע־
רענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר דער קומענדער פאַרוואַלטונג.
דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט, אַז לויט אונזער קאָנסטיטו־
ציע, דאַרף אַזאַ קלאַגע אַריינגעבראַכט ווערען צו דער אָרגאַניזאַציאָנס
קאָמיטע, אין וועלכער פר. קרינסקי איז אַ מיטגליד.

פר. ס. מעטש, טשעמבער עט לאָרדזש, בעט, אַז די עקזעקוטיוו זאָל

זען עפעס טאָן, אַז די בעקערס יוניאָן לאָקאַל 169 זאָל אים דאָך טרייננעמען אַלס מיטגליד. עס ווערט באַשלאָסען נאָכאַמאָל צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט דער יוניאָן וועגען דער פראַגע.

---

פר. לעוויטאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער ביזנעס קאָמיטע פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג איז איצט זייער געענגט אין געלט. זיי האָבען בדעה צו קריגען אַ מאָרגעדזש פון דער טייטעל גאַראַנטי און טראָסט קאָמפּאַניע, און זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זען איבערנעמען דעם ערשטען מאָרגעדזש. זיי ווילען אַרויסלאָזען פאַר 25 טויזענט דאָלאַר באָנדס אויף 5 יאָר צייט, און זיי בעטען, אַז די עקזעק. זאָל דאָס אינדאָרסירען. פר. לעוויטאַן דענקט, אַז ס'איז ווינשענסווערט, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיך אין דעם אַריינטראַכטען און זען וואָס עס קען געטאָן ווערען צו העלפען דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי. עס ווערט באַשלאָסען צו ערווילען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אונטערזוכען דעם צושטאַנד פון דער בעקעריי, באַראַטען זיך מיט ערפאַרענע מענשען אין דעם פאַך און ברענגען אַ רעקאָמענדאַציע צו דער עקזעקוטיוו. אין דער קאָמיטע ווערען ערווילט פר. אַשפּיז, גילמאַן, לעוויטאַן און באַסקין.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט:

בר. 273, פילאַדעלפיע, איז שולדיג געווען צום אָפיס אַרום $800. דער חוב האָט זיך געצויגען עטליכע יאָר און נאָך אַלע זייערע פאַרשפּרעכונגען אויסצוצאָלען דעם חוב ביסלעכוויוז, זיינען זייערע שולען אַלין מער געוואַקסען. לעצטענס איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ ספּעציעלער בריף צו יעדען מיטגליד פון זייער ברענטש, אין וועלכען מען האָט זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין פאַל זיי וועלען ניט באַצאָלען זייערע שולדען ביז אַ באַשטימטער צייט, וועלען מיר זיין געצוואונגען דעם ברענטש אויפצולייזען. זיי האָבען דאָן געשיקט פאַרטרעטער צו דער אָפיס קאָמיטע. זיי האָבען איינגעצאָלט $150. $127 איז צו זיי קרעדיטירט געוואָרען פון דער אַ. ר. שול־קאָמיסיע פון פילאַדעלפיע פאַר רענט פון דער שול, וואָס זיי זיינען שולדיג צום ברענטש (דער ברענטש האָט אַן אייגען הויז מיט אַ לייברערי). זיי האָבען אויך פאַרשפּראָכען צו באַצאָלען דעם קומענדען ביל און מאַכען אַן איינצאָלונג אויפ'ן חוב יעדען קוואָרטאַל.

עס איז אַרויסגענומען געוואָרען אינשורענס ביי אַ באָנד קאָמפּאַניע געגען יעדער מעגליכער פעלשונג פון אונזערע טשעקס.

מיס דזשאָלסאָן, איינע פון די אָנגעשטעלטע אין אָפיס, וועלכע איז געווען קראַנק אַ פּאָר מאָנאַטען, איז צוריק אַריינגעקומען און זי קומט נאָך איר באַשעפטיגונג. איצט איז פר. וואָלבערג דער קעשיר, קראַנק, און פר. גראַף פאַרנעמט זיין פּלאַץ אין אָווענט.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען אַריינצוגעבען אין „פאָרווערטס“ אַ פּיידזש אַדווערטייזמענטס אַלס באַגריסונג צום 25־יעריגען יובילעאום.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. י. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס:

די פּעטערסאָן טעריטאָריען־קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען אַרויסצושיקען די נעמען פון די נאָמינירטע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג. אויפ'ן באַלאָט האָט געדאַרפט אַרויף זעקס נעמען, אָבער די צוויי גרופּען, וואָס זיינען דאָרט געווען פאַרטראָטען, האָבען זיך ניט געקענט איניגען, איין גרופּע האָט נאָמינירט זעקס און אַ צווייטע גרופּע דריי. אום צו פאַרמיידען רוי־בונגען און מיספאַרשטענדניסען, האָט דער אָפיס באַשלאָסען אַלע 9 נעמען אַרויסצושיקען צו אַ רעפערענדום.

אין מינעאַפּאָליס ביי דער טעריטאָריען־קאָנפערענץ זיינען די דעלעגאַטען ניט געקומען צו קיין דעפיניטיווען רעזולטאַט. דער אָפיס וועט אַרויסשיקען צו אַ רעפערענדום די נעמען פון די נאָמינירטע קאַנדידאַטען.

אין באַלטימאָר איז צו דער נאָמינייטשאָן קאָנפערענץ ניט צוגעלאָזט געוואָרען אַ געזעצליך־ערווילטער דעלעגאַט. צוליב דעם זיינען זיי ניט געקומען צו קיינע רעזולטאַטען. בר. 289 האָט פּראָטעסטירט געגען דעם, און מען וועט אין באַלטימאָר דאַרפען רופען אַ צווייטע טעריטאָריען־קאָנפערענץ.

דער אימיגריישאָן דעפּאַרטמענט פון קענעדע האָט אונז געלאָזט וויסען, אַז די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, וועלכע זיינען ניט קיין סיטיזענס, וועט מען דורכלאָזען די גרענעץ, אויב זיי וועלען האָבען באַוויזען, אַז זיי זיינען אויף אַ געזעצליכען אופן אַריינגעקומען קיין אַמעריקע.

דער אָפיס האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער טאָראָנטא קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע וועגען דעם, אַז זיי זאָלען קריגען אַ צווייטען מער פּאַסענדען האָל פאַר די זיצונגען פון דער קאָנווענשאָן; אָבער ס'איז אוממעגליך אַזעלכע צו קריגען און עס וועט מוזען בלייבען דער האָל אין קינג עדוואָרד האָטעל.

די יערליכע פינאַנציעלע רעפּאָרטס זיינען פאַרטיג געוואָרען אין צייט און אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע אינשורענס דעפּאַרטמענטס.

דער „האָאוס“ קאַמפּיין איז ניט זייער ערפאָלגרייך. מיר זיינען אַ סך הינטערשטעליג אין דער סומע, וועלכע מיר האָבען זיך אונטערנומען צו שאַפען. ס'איז ביז איצט אַריינגעקומען איבער צוויי טויזענט דאָלאַר.

אונזערע עקטשוערים האָבען דערקלערט, אַז לויט'ן געזעץ מעגען מיר באַשטימען אַרונטערצונעמען אַ געוויסע טייל פון דער איינצאָלונג פאַר'ן ערשטען קוואָרטאַל פון נייע מיטגלידער אויף אַנדערע אויסגאַבען און זיכער קען מען באַשטימען, אַז די איינטריטס־געלדער פון נייע מיטגלידער פון קומענדען יאָר זאָלען פאַרווענדעט ווערען אויף צו דעקען דעם דעפיציט פון אַדמיניסטריישאָן פאָנד און אויב מעגליך אויך פון די אַנדערע פאָנדס. עס ווערט באַשלאָסען די דאָזיגע פראַגע איבערצוגעבען צו דער קאָנווענשאָן רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע. דעם סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע באַריכטעט, אַז דר. אַנטאָנאָווסקי, דער מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַניטאַריום איז געווען קראַנק איניגע טעג און מען האָט געדענקט, אַז עס וועט פּיליובט נייטיג זיין פאַר אים צו קומען אין ניו־יאָרק פאַר אַן אָפּעריישאָן. ער האָט זיך אָבער אין גיכען ערהאָלט און קיין אָפּעריישאָן אַז ניט נייטיג געווען.

די אויטאָריטעטען פון ליבערטי זיינען וויליג צו פיקסען דעם ראָוד פון ווילעדזש צום סאַניטאַריום, אויב מיר וועלען ביישטייערען זעכציג פּראָצענט פון די אויסגאַבען. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט דערווייל וועגען דער פראַגע נאָך ניט געהאַנדעלט.

וועגען דעם פאַרלאַנג פון דעם קאָאָפּעריטיוו אינשורענס פאַרבאַנד פון סאַליוואַן קאונטי, אַז מיר זאָלען אינשורען ביי זיי מאַנכע פון די געביידעס אין סאַניטאַריום, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע באַשלאָסען אָנצופרעגען ביי אונזער ליגעל אַדווייזער, צי אין פאַל פון אַ פייער ביי איינעם פון די פּאָליסי־האָלדערס פון דעם קאָאָפּעריטיוו אינשורענס פאַרבאַנד קען מען דעם אַ. ר. האַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם גאַנצען פאַרלוסט פון דעם פייער אָדער בלויז לויט דער פּראָפּאָרציע פון אינשורענס וואָס מיר וועלען דאָרט האָבען.

אין פּעטערסאָן איז געפייערט געוואָרען דער סאַניטאַריום יום־טוב דורך אַ קאָנצערט און מאַסמיטינג. ער (אַשפּיז) איז דאָרט געווען פאַרטראָטען און זיי אַדרעסירט. דער אָווענט איז געווען זייער אַ שיינער.

רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. יאַקאָבי, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, דערקלערט, אַז צוליב דער אינפלוענציע קומען נאָך אַלץ אַריין אַ היבשע צאָל סיק־סערטיפיקייטס אין סיק בענעפיט דעפּאַרטמענט. אַבוואָל עס וועט, ווי עס זעט אויס, דעם קוואָרטאַל אויסגעצאָלט ווערען מער קראַנקען־בענעפיט ווי עס ווערט דורכשניטליך געצאָלט, דאָך וועט עס ניט האָבען קיין ווירקונג אויף דעם סורפּלוס אין דעם פאָנד.

ער דערקלערט, אַז די בענעפיט קאָמיטע האָט אויך באַוויליגט ביישטייערונגען פאַר פאָלגענדע האָספּיטאַלס:

| | |
|---|---|
| מט. סייניי, ניו־יאָרק — — — — | $500.00 |
| פאַר מאָנטרעאַל האָספּיטאַלס — — — | $200.00 |
| פאַר באַלטימאָר האָספּיטאַלס — — — | $200.00 |

באַריכט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמ. ווערט דאָן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר. קראַפּקאָ, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון בר. 221 האָט אַפּעלירט געגען ברענטש פאַר ניט נעמען קיין שטעלונג בנוגע דעם האָספּיטאַלער, וועמען ער האָט אָנגעקלאָגט אין פאַרלוימדונג. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען איבערגעגעבען, אַז קיינער האָט זיך ניט געוואָלט באַדערען מיט דער פראַגע און דאַרום האָט קיין מיטגליד ניט געוואָלט אָננעמען אין דער אונטערזוכונגס קאָמיטע. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַאויפטראָגט דעם ברענטש אויפצונעמען דעם באַטרעפענדען פריינדס אָפּיל אויף אַ געזעצליכען אופן.

אַ מיטגליד פון בר. 206 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו מאָנען פון אים $2.00 שטראָף פאַר ניט קומען צום באָל פון בר. דער אַפּעלאַנט האָט דערקלערט, אַז ס'איז באַשטימט געוואָרען אַ שטראָף דאָס יעדער מיטגליד וואָס וועט ניט קומען צום באָל זאָל באַצאָלען 50 סענט פאַר די טיקעטס וואָס זיינען צום באָל געשיקט געוואָרען און $1.00 שטראָף. דער ברענטש האָט דאָס באַשטעטיגט. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער אַפּעלאַנט דאַרף באַצאָלען די 50 סענט פאַר די טיקעטס, וועלכע ער האָט ניט צוריקגעשיקט, אָבער ניט די שטראָף פון $1.50, ווייל די גריוועַנס קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אַז די ברענטש קען אַרויפלייגען אַ טעקס פאַר קומען צום באָל, אָבער קען ניט באַשטראָפען פאַר ניט קומען.

אַ מיטגליד פון בר. 509 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען אים מיט $10.00. דער אַפּעלאַנט איז ניט געקומען,

כאָטש מען האָט אים צוויי מאָל אַרויסגערופען. די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען דערקלערט, אַז אַ צווייטער מיטגליד פון ברענטש האָט באַשולדיגט דעם אַפּעלאַנט אין גנבה, אנשטאָט אַנצוקלאָגען יענעם אין ברענטש פאַר פאַרלוימדונג, האָט דער אַפּעלאַנט אים געשלאָגען. פאַר אָט דער אויפפירונג האָט דער ברענטש אים באַשטראָפט מיט $10.00. די גריוועגס קאָמיטע האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

צוויי מיטגלידער פון בר. 389 האָבען אַפּעלירט געגען באַשלוס צו שטרייכען זיי. די באַטרעפענדע האָבען אַ שאָפּ אין סטעטען־אײלענד. אין צייט פון קלאָוקמייקער סטרייק זיינען די אַרבעטערינס בײַ זיי געבליבען אַרבעטען. די באַטרעפענדע האָבען דערקלערט די פאַרטרעטער פון דער יוניאָן, אַז די אַרבעטער קענען אַרונטערגיין, אָבער זיי בעטען, אַז אַלס אייגענטימער פון שאָפּ ווילען זיי בלייבען אַרבעטען, ווייל זיי זיינען שטאַרק געענגט אין געלט. די יוניאָן האָט זיי ערלויבט אַרויסצופינישען די אַרבעט אין פאַרלויף פון צוויי וואָכען צייט צוזאַמען מיט די אַרבעטער, מיט דער באַדינגונג, אַז זיי אַליין זאָלען אויך אויפהערען צו אַרבעטען. זיי זיינען אָבער די באַדינגונגען ניט נאָכגעקומען און זיינען ווייטער געבליבען אַרבעטען. דער ברענטש האָט באַשלאָסען זיי צו שטרייכען. די נאַצ. גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## באַסקין און געליבטער ווידער ערוויילט

פר. י. באַסקין, דזשענעראל סעקרעטער, און פר. פ. געליבטער, עקזעקוטיוו סעקרעטער, ווערען איינשטימיג ווידער ערוויילט צו זייערע עמטער פאַר'ן קומענדען יאָר.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאל קאָמיטע

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע שטעלט צו פאָלגענדען רעפּאָרט:

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט אַרויסגעשיקט פר. מ. האָלטמאַן אויף אַ לעקטשור־טור. זיין טור צייגט זיך אַרויס צו זיין גאַנץ ערפאָלגרייך. די שטעט, וועלכע ער באַזוכט, דריקען אויס צופרידענהייט מיט דעם לעקטשורער, אָבער צוליב דער אויסערגעוויינליך־שלעכטער צייט, זיינען פאַראַן פיל שטעט, וועלכע קענען קיין לעקטשורס אונטער די אומשטענדען ניט אַראַנזשירען.

די אַ. ר. שול־קאָמיטע פון ניו־הייווען האָט אַנגעפרעגט, צי די קינדער פון שול זאָלען אַרויסטרעטען ביי אונטערנעמונגען פון „פאַרבאַנד" אָדער פון אַנדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע האָט זיי געענטפערט, אַז דער קינדער־אָרקעסטער קען אַרויסטרעטען ביי אונטערנעמונגען פון יעדער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

די ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, וועלכע פירט אָן איר אַלגעמיינע טעטיגקייט געמיינשאַפטליך מיט דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, טוט זייער גוטע אַרבעט. זונטאָג דעם 12־טען פעברואַר האָבען זיי געהאַט אַ גרויסען קאָנצערט אין וועבסטער האָל. ס'איז דאַמאָלס אויך דורכגעפירט געוואָרען אַ רייכער ליטעראַרישער פּראָגראַם.

באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. לעוויטאַן גיט איבער פאָלגענדען באַריכט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע:

פר. ל. סיימאָנס, דירעקטאָר פון קאַליפאָרניע סטייט, האָט צוגעשיקט אַ רעפּאָרט פון די ברענטשעס, וועלכע ער האָט באַזוכט פאַרענדיג צוריק אַהיים פון די זיצונגען פון דער נ. ב. א. ד. לויט זיין רעפּאָרט, געפינען זיך אונזערע ברענטשעס אין יענעם סטייט אין זייער אַ גוטען צושטאַנד.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט פון דעם סאַניטאַריום יום־טוב און האָט אַראַנזשירט ספּעציעלע מיטינגען פון די ברענטשעס אין די קעטסקיל בערג. פר. נעכאַמקין איז געווען פאַרטראָטען ביים מיטינג פון ברענטש אין וואודרידזש. זיי האָבען דאַמאָלס באַוויליגט $25.00 פאַר די "האָיאָס" און באַשלאָסען זיך נעמען פאַר אַ קאַמפּיין צו בויען אַ לייבאָר־לייסעאום.

פר. א. דינערשטיין און בלאַק זיינען געווען פאַרטראָטען ביים מיטינג פון בר. 610, מאָנטיסעלאָ. ביים ספּעשעל מיטינג פון הויר־לעוויל זיינען געווען פאַרטראָטען פר. באַסקין און ל. ראָטהמאַן. די דאָזיגע אַלע ברענטשעס זיינען געווען העכסט צופרידען וואָס מען האָט צו זיי געשיקט אַ פאַרטרעטער. פר. דינערשטיין האָט אַדרעסירט דעם קאָנצערט און מאַס־מיטינג אין ניו־יאָרק, אַראַנזשירט געמיינשאַפטליך פון דער סיטי עדיוקיישאָנאל און סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ.

די האַרטפאָרד דיסטריקט קאָמיטע האָט באַריכטעט, אַז זיי באַזוכען די ברענטשעס פון זייער דיסטריקט, אום אויפצולעבען די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט, ווי אויך די אַלגעמיינע טעטיגקייט פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס.

פר. דינערשטיין איז שוין צוריקגעקומען פון זיין אָרגאַניזאַציאָנס־טור. צו באַזוכען די ברענטשעס אין איצטיגען מאָמענט איז געווען איינפאַך אַ נויטווענדיגקייט. דער פּראַקציאָנעלער קאַמף, וואָס קומט פאָר אין אַנדערע טיילען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך אויך טיילווייז אָפּגערופען אין מאַנכע פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס, און אַ נייער מענש, הויפּטזעכליך אַ פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, איז אַלע מאָל בכח אַריינצוברענגען מער קלאָרקייט אין פראַגען וועגען וועלכע עס קומען פאָר סכסוכים אין דעם אָדער יענעם ברענטש.

פר. דינערשטיין האָט אויף זיין אָרגאַניזאַציאָנס־טור באַזוכט פאָלגענדע שטעט: גלאָווערסוויל, סקענעקטעדי, אַלבאַני, יוטיקא, סיראַקיוז, ראָטשעסטער, באָפאַלאָ, אירי, פּיטסבורג, יאָנגסטאון, אקראָן, קליוולאַנד, דעטראָיט, טאָלידאָ, קאָלאָמבוס, קענטאָן, העריסבורג, רעדינג, אַלענטאון, סקרענטאָן און בינגהעמטאָן.

די ברענטשעס, וועלכע ער האָט באַזוכט, זיינען ניט נאָר געווען צופרידען מיט דעם וואָס די עקזעקוטיוו האָט צו זיי געשיקט אַ פאַרטרעטער, נאָר כמעט אַלע האָבען אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל זיי אָפטער באַזוכען.

רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ. ווערט גוטגעהייסען.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

א ספּעשעל מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטען דאַנערשטאָג אָווענט, דעם 9־טען מערץ, מיט פר. העסקעל אַלם טשערמאַן.

פר. געליבטער דערקלערט, אַז דער היינטיגער ספּעשעל מיטינג איז גערופען געוואָרען צוליב צוויי פראַגען:

1) פאַרצולעזען פאַר דער עקזעקוטיוו די דערקלערונג אַלס ענטפער אויף דעם צושריפט, וואָס ווערט פאַרשפּרייט פון די דעלעגאַטען, וועלכע האָבען זיך צוריקגעצויגען פון דער קאָנפערענץ צו נאָמינירען די קומענדע פאַרוואַלטונג.

2) אויפצונעמען די ווייטערדיגע רעקאָמענדאַציעס, וועלכע די קאָנווענשאָן רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע האָט אויסגעאַרבעט.

---

פר. ל. ראָטהמאַן לעזט פאָר די ערקלערונג, וועלכע די סאָב־קאָמיטע האָט אויסגעאַרבעט. די ערקלערונג ווערט מיט קליינע ענדערונגען גוטגעהייסען.

(די רעקאָמענדיישאָנס פון דער נאַצ. עקז. צו דער קאָנווענשאָן זיינען געדרוקט אויף אַ צווייטען פּלאַץ אין דעם נומער "פריינד".)

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

# אָפיציעלער צירקולאַר

## צו אַלע ברענטשעס און מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג

ווערטע פריינד:

מיר, די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר., פילען אַלס אונזער פליכט אַרויסצוזאָגען צו אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער מיט אַן ערקלערונג וועגען די אינסינואַציעס און פאַרלוימדונגען, וואָס ווערען פאַרשפּרייט צווישען די ברענטשעס פון אַ. ר. פון אַ געוויסער גרופּע זאָגענאַנטע „מאַרטירער" דעלעגאַטען, וועלכע האָבען „פאַרלאָזט" די נאָמינײשאָן־קאָנפערענץ פאַר דער נאָמינירונג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג פאַר'ן קומענדען יאָר.

דער אַ. ר. האָט שוין איבערגעלעבט פיל שטורמישע צייטען; גרויסע שטרייטיגקייטען זיינען אין אונזערע רייען פאָרגעקומען צוליב פאַרשידענע מיינונגען וועגען פאָרמען פון פאַרוואַלטונג אָדער די פירונגען פון אַ. ר. מען האָט זיך ניט געשאָנעוועט, געגנער האָבען איינע די אַנדערע קריטיקירט, און שאַרף קריטיקירט. פערזענליך זיינען מענשען אַנגעריפען געוואָרען. אָבער אַלע צדדים זיינען געווען איניג אויף איין פּונקט: אַז די אינטערעסען און דער כבוד פון אַ. ר. דאַרפען אונטער אַלע אומשטענדען אָפּגעהיט ווערען.

גאַנץ אַנדערש אָבער פיהרען זיך אויף די איצטיגע „חטאים־זוכער" פון אַ. ר. זיי שטעלען זיך ניט אָפּ פאַר קיינע מיטלען כדי צו פאַרלוימדען און באַשמוצען די פאַרוואַלטונג און אויך דעם נאַציאָנאַלען אָפיס פון אַ. ר.

די „קלויזעל"־צייטונגען, וועלכע פאַרטרעטען די דאָזיגע גרופּע, האָבען וואָך איין, וואָך אויס געוואָרפען היזיגע פראַזען וועגען „אַריינבלאָזען אַ נייע נשמה" אין אַ. ר.. דערביי האָבען זיי פאַרלוימדעט און באַשמוצט אַלץ, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג. די דאָזיגע „קלויזעל"־צייטונגען האָבען זייער שמוץ־וואָרפעניש

פארוויקעלט אין א מאנטעל פון „רעוואלוציאנערע פּרינציפּען“. מיר האבען נאטירליך געוואוסט ווי פאלש, ווי חוצפּה'דיג ליגנעריש עס איז יעדע באהויפּטונג זייערע. מיר האבען עס אבער איגנארירט אזוי לאנג ווי די דאזיגע „רעוואלוציאנערען“ האבען זיך כלומר'שט געהאלטען אין די ראמען פון „פּרינציפּיעלע אנשויאונגען“.

ווען זיי זיינען אבער ארויסגעגאנגען פון די גרעניצען פון זייער „קלייזעל“־ארגאן, ווען זיי אליין האבען אפּגעווישט די פּרינציפּיעלע גרעניצען און האבען אנגעפאנגען צו פירען פּאליטיק דורך רכילות, זלזולים און הפקר־מעטאדען כדי ארייננצוברענגען מיסטרויען צווישען די מיטגלידער און ברענטשעס פון א. ר. צו דער נאציאנאלער פארוואלטונג און גענעראל אפיס, האבען מיר ניט געקענט ווייטער בלייבען גלייכגילטיג. מילא, ווען זיי האבען נאך גערעדט וועגען „פּרינציפּען“, האבען מיר זיך אלעמאל געהאלטען אן דעם כלל, אז פאר פּרינציפּיעלע מיינונגס־פארשידענהייטען איז אלעמאל דא פּלאץ אין א. ר. אבער ווען מענשען ווילען אריפּ'ן חשבון פון א. ר. אויסבייטען די פּרינציפּען אויף קליינגעלט פאר דעם פּראפיט פון איינצעלנע פּערזאנען און קליינליכע קלייזעל־אינטערעסען, פילען מיר, אלס די ערוויילטע פארוואלטער, אונזער חוב צו לאזען הערען אונזער ווארט בנוגע אט די עקעלהאפטע פּאליטיק, וואס ווערט לעצטענס געפירט פון יענעם עלעמענט. הויפּטזעכליך פילען מיר עס אלס אונזער פליכט צו ווענדען זיך צו דער ברייטער מיטגלידערשאפט פון א. ר. מיט אט דער ערקלערונג, נאכדעם ווי די דערמאנטע גרופּע האט געהאט די חוצפּה צו פארשפּרייטען א פּאסקוויל־צירקולאר צווישען אונזערע ברענטשעס.

אין זייער פּאסקוויל־צירקולאר ווערט געזאגט: אז מיט דער הילף פון דעם הויפּט־אפיס פון א. ר. האט מען אנגעפּאקט די קאנפערענץ מיט דעלעגאטען און ניט־דעלעגאטען. דאס איז שוין א ביסעל מער ווי חוצפּה, צו דערקלערען א גאנצע קאנפערענץ פון קארגע פינף הונדערט דעלעגאטען, וועלכע זיינען געקומען מיט געזעצליכע קרעדענשעלס פון זייערע ברענטשעס — אלס א „געפּאקטע“, אלס א געפעלשטע.

מיר פרעגען אייך, ברענטשעס פון א. ר., וועלכע זיינען געוועזען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ דורך אייערע דעלעגאטען: האט איר געפעלשט אייערע קרעדענשעלס? און איר דעלעגאטען פון אריבער דריי הונדערט א. ר. ברענטשעס, זייט איר ווירקליך געוועזען „געפּאקטע“? זייט איר ניט געקומען פון אלע טיילען פון לאנד צו דער דאזיגער קאנפערענץ מיט דעם געפיל פון פאראנטווארטליכקייט צו די אינטערעסען פון א. ר., אדער האט אייך אומיצער באאיינפלוסט און אונטערגעקויפט פאר די אינטערעסען פון וועלכער עס איז גרופּע אדער קליקע?

זיי רעדען פון „פּאקען“ א קאנפערענץ!

איז עס דען ניט א פאקט, אז נאך ענדע דעצעמבער איז ביי די זיצונגען פון דער נאצ. באַרד און דירעקטארען פארגלעזען געווארען א געהיימער צירקולאר, געדרוקט אויף די „לעטערהעדס“ פון זייער „קלייזעל“־ארגאן, וועלכער האט גערופען זייערע חברים זיך צו ארגאניזירען אין סיטי־קאמיטעס און אין באזונדערע שפּאלטונגס־גרופּען כדי צו פארכאפּען אלע וואל־קאנפערענצען אין א. ר.? זייערע אגענטען און מגידים, וועלכע זיינען די גאנצע צייט ארומגעפארען פאר די אינטערעסען פון זייער קלייזעל, האבען דאך אין יעדער שטאט און שטעטעל געארבעט מעשים כדי ארויסצוקריגען פון יעדען א. ר. בר. „פּראקסי־קרעדענשעלס“ פאר זייערע מענשען, און אזוי נאך האבען זיי טאקע באקומען ארום 50 קרעדענשעלס פון קאונטרי ברענטשעס, וועלכע מען האט דא אין ניו־יארק צעטיילט צו „אייגענע“ מענשען מיט דער האפענונג, אז אפשר וועלען זיי דורך דעם האבען א מערהייט ביי דער קאנפערענץ.

אמת, לויט דער קאנסטיטוציע פון א. ר. איז דאס געזעצליך; אבער מען דארף דאך ניט זיין קיין היפּאקריט צו מאכען פארוואורפען יענעם וועגען זאכען וואס מען טוט אליין און מען כאפּט זאגאר אריבער די מאס.

וואס וואלט איר געזאגט, פריינד, ווען איינער, וועמעס אונטערשריפט עס געפינט זיך אונטער יענעם מיאוס'ען פּאסקוויל, האט עפענטליך ביים מיטינג פון דער נאצ. עקז. קאמ. דערקלערט, אז די מערסטע פון די, וועלכע זיינען אונטערגעשריבען, האבען גארניט געוואוסט דעם אינהאלט פון דעם דאזיגען פּאסקוויל, און ער אליין, ווען ער וואלט פריער איבערגעלעזען דעם אינהאלט, וואלט ער אויף אזעלכע סטייטמענטס זיך ניט אונטערגעשריבען, ווייל ער, אלס מיטגליד פון דער אפיס קאמיטע, האט צוזאמען מיט די איבעריגע מיטגלידער פון דער אפיס קאמיטע אליין געטשעקט די קרעדענשעלס און ארויסגעלאזט אין האל נאר געזעצליכע דעלעגאטען.

א. מאנדעל פון בר. 225, וועלכער איז אגב איינער פון יענער גרופּע, און וועמעס נאמען עס איז אויך אונטערגעשריבען אויף דעם פּאסקוויל־צושריפט, האט ביים מיטינג פון דער נאצ. עקז. קאמ. צוגעגעבען, אז ער איז גרייט צו מאכען אן עפענטליכע דערקלערונג אפּצולייקענען דעם שענדליכען ליגען און בלבול פון דעם פּאסקוויל־ליפלעט.

די אונטערגע'חתמ'עטע פון דעם דאזיגען פּאסקוויל טוען זיך אן אין דעם פעלץ פון צדיקים און זאגען: זיי האבען ניט געוואלט טראגען די פאראנטווארטליכקייט פאר די נאמינײשאנס און וואלען פון דער קומענדער פארוואלטונג, דעריבער האבען זיי זיך ניט גע־וואלט באטייליגען אין די וואלען, און זיינען אוועק פון דער קאנפערענץ ניט אפּגעבענדיג זייערע באלאטס צו דער ציילער־קאמיטע. וואס וועט איר אבער, פריינד, מיטגלידער פון א. ר., זאגען, אז מיר וועלען אייך באווייזען מיט דעם אפּגעטשעקטען ראל־קאל רעקארד, אז א דעלעגאט פון בר. 4, ד. אשינסקי, און צו אים נאך עטליכע דעלעגאטען פון אנדערע ברענטשעס, וועלכע זיינען אונטערגעשריבען אויף דעם פּאסקוויל, האבען זיך יא באטייליגט אין די וואלען און האבען אליין פערזענליך איבערגעגעבען זייערע אפּגעשטימטע באלאטס אין די הענט פון דער אפיציעלער ציילער־קאמיטע פון דער קאנפערענץ? אט אזעלכע אומפאראנטווארטליכע מענשען, וואס לאזען אונטערשרייבען זייערע נעמען אויף ליגענס וואס ווערען געזאגט וועגען זיי אליין, האבען דאס די חוצפּה צו באהויפּטען, אז זיי האבען אויף זיך ניט געוואלט טראגען די פאראנטווארטליכקייט.

צווישען די נעמען פון דעם פּאסקוויל, וואס פארגיסען נעבאך אזוי פיל קראקאדילען־טרערען למאי די מאיאריטעט פון דער קאנפערענץ האט זיך ניט צוגעהערט צו די פּראטעסטען געגען איינציגע דעלעגאטען, וועלכע זיינען באשולדיגט געווארען אין סקעבען, שיינט אויך ארונטער די אונטערשריפט פון א. פעלנער, דעלעגאט פון בר. 50, א געוועזענער בארבער־באס, ביי וועמען די בארבערס יוניאן האט ערשט מיט א פּאר יאר צוריק געפירט א סטרייק, און וועלכער האט זיך בארימט געמאכט מיט זיין עכט־„פּראלעטארישער“ האנדלונג ארעסטירענדיג צוויי סטרייקערס, וועלכע זיינען פריער ביי זיין שאפּ געשלאגען געווארען מכות רצח און נאכהער שטראפירט געווארען פון א דזשאדזש, און די יוניאן האט געמוזט באצאלען די שטראף. אז ניט וואלטען זיי פארשיקט געווארען אין דזשייל. אט די אינפארמאציע האט די גאצ. עקז. קאמ. באקומען פון דער בארבערס יוניאן נאכדעם ווי דער נאמען פון דעם דאזיגען „רעוואלוציאנער“ איז ערשינען אונטער דעם ליפלעט.

וואס אנבאלאנגט זייער חוצפּה'דיגען און ליגנערישען סטייטמענט; אז אונזער דזשענעראל סעקרעטער, י. באסקין, זאל האבען געשיקט א טעלעגראמע צום דעלעגאט פון בר. 92, וואשינגטאן, און אים געאָרדערט צו קומען צו דער קאנפערענץ („יו מאסט קאם“, אזוי האט געלויטעט די טעלעגראמען, זאגען זיי). דאס האט שוין פר. באסקין אליין אפּגעלייקענט אין „פארווערטס“ פון מאנטאג דעם 6־טען מארטש. מיר ווילען בלויז צוגעבען, אז פאר אונז ליגט די קאפּיע פון דער טעלעגראמע, וואס באסקין האט געשיקט צום סעקרעטער פון בר. 92 און ניט צום דעלעגאט, אלס אן ענטפער אויף אן אנפראגע, ווען און וואו די קאנפערענץ וועט אפּגעהאלטען ווערען. אט איז א בוכשטעבליכע איבערזעצונג: „קאנפערענץ 10 אור פרי, „פארווערטס“ בילדינג. זאל אייער דעלעגאט ברענגען אן אפיציעלען קרעדענשעל. י. באסקין“. פון דער טעלעגראמע איז קלאר, אז דער גענעראל אפיס האט בלויז געגעבען אינפארמאציע אויף אן אנפראגע פון א ברענטש. יענע גרופּע האט אבער אט דעם פאל געוואלט אויסנוצען פאר זייערע פּארטיי־צוועקען און זיך ניט אפּגעשטעלט פאר אזא געמיינעם ליגען.

מיר ווילען זיך ניט אפּשטעלען אויף אלע איבעריגע ליגענס, מיט וועלכע זייער פּאסקוויל איז אנגעפילט, ווייל מיר גלויבען, אז די מיטגלידערשאפט פון א. ר. איז גענוג דערוואקסען זיך אליין פארנאנדערצוקלייבען אין דער דאזיגער געלעגענהייט. פארבייגייענדיג מעג אבער דערמאנט ווערען, אז ווען זיי רעדען אין זייער פּאסקוויל מיט אזא ציין־קריצעניש וועגען די אפּגעגעבענע צאל שטימען פאר טשערמאן און ווילען דאביי מאכען דעם איינדרוק, אז מען האט געציילט מער שטימען ווי עס זיינען געוועזען דעלעגאטען אין האל, האבען זיי דאביי פארגעסען אנצוגעבען איין קלייניגקייט: בעת מען האט געציילט די שטימען פאר וויים־טשערמאן און סעקרעטער פון קאנפערענץ און אין דער ציילונגס־קאמיטע זיינען שוין געוועזען זייערע פארטרויענסווערטע מענשען, האבען זייערע קאנדידאטען ניט געקראגען מער ווי 60 ביז 90 שטימען און די מאיאריטעט קאנדידאטען נאענט צו דריי הונדערט. דאס צייגט נאך אמאל, אז זייער באהויפּטונג, אז מען האט געציילט מער שטימען ווי־עס זיינען געוועזען דעלעגאטען איז פאלש און סקאנדאליעז־ליגנעריש. נאר מענשען מיט פארשטאכענע אויגען, נאר מענשען אן א ברעקעל ארגאניזאציאנס־פאראנטווארטליכקייט קענען פאלען צו אזא נידעריגער מדרגה צו ווילען זוכען א בארעכטיגונג פאר זייערע מיאוס'ער און מאקטלאזער האנדלונג ביי דער קאנפערענץ דורךווארפען שמוץ און ליגענס אויף דער נאציאנאלער פארוואלטונג פון א. ר.

דער פאקט איז, אז ביי דער קאנפערענץ האבען זיי אין גאנצען פארלארען זייערע קעפּ. וואכען לאנג האבען זיי געארבעט איבער דער קאונטרי צו קריגען א מאיאריטעט צו דער קאנפערענץ. וואכען לאנג האבען זיי געהאלטען אין איין שרייען, אז די ברייטע מיטגלידערשאפט איז מיט זיי. מען האט זיך אלץ בארימט, אז מען וועט ביי דער קאנפערענץ אלעמען „סורפּרייזען“. אויב זיי וועלען ניט קריגען קיין מאיאריטעט, וועלען זיי אמווייניגסטענס א גרויסע, שטארקע מינאריטעט זיין. ווען עס איז אבער געקומען צו דער קאנפערענץ, זיינען זיי ערשטוינט געווארען. זינט דער א. ר. עקזיסטירט איז נאך ניט געוועזען ביי א נאמינײשאן־קאנפערענץ אזא גרויסע צאל דעלעגאטען, פארטרעטענדיג אזויפיל ברענטשעס, פיר הונדערט אכט און פופציג (458) דעלעגאטען אויף א פאר־קאנפערענץ!

אַס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען. זיי אַליין האָבען געאַרבעט עס אַל זיין אַ גרויסע קאָנפערענץ. אויף דעם האָבען זיי געהאָפט.

ביי דער קאָנפערענץ, גלייך ווי עס געקומען צום ערשטען „טעסט־יאַוט", האָט זיך גלייך אַרויסגעצייגט, אַז זייער מינאָריטעט איז אַזוי ליין, אַזוי אומבאַדייטענד, אַזוי ווי דערטרונקען געוואָרען. זיי האָבען זיך פאַרלוירען, זיי זיינען נערוועז געוואָרען און זיי האָבען זיך גענומען אויפפירען ווי ווילדע. אנשטאָט צו האַנדלען ווי ציוויליזירטע אָרגאַניזאַציאָנס־מענשען .ווען זיי געפינען זיך אין אַ מינאָריטעט, האָבען זיי גענומען האַנדלען ווי הפקר־יונגען: זיי האָבען פּראָוואוט טעראָריזירען די מאַיאָריטעט, מיט דעם צוועק צו צעברעכען די קאָנפערענץ. זיי האָבען מיט געוואַלד זיך געריסען צו די באַלאָט־באָקסעס, שרייענדיג, אַז זיי וועלען ניט לאָזען שטימען.

די אָרדענונג און די געזעצליכקייט פון דער קאָנפערענץ זיינען אָפּגעהיט געוואָרען ביז צום ענד נאָר דורך דער קאַלטבלוטיגקייט און אַקטפולע האַנדלונג פון די מאַיאָריטעט־דעלעגאַטען. מען האָט איינגעבילדעט אַן אייזערנע „ליין" פון דעלעגאַטען און זיי ניט צוגעלאָזען צו פאַרכאַפּען די באַקסעס. די ברענטשעס זיינען גערופען געוואָרען לויט די נומערען נאָך און די דעלעגאַטען פון די ברענטשעס האָבען אָפּגעגעבען זייערע באַלאָטס נאָך דער רייע.

ווען זיי האָבען דערזען, אַז זיי קענען די קאָנפערענץ ניט צעברעכען, האָבען זייערע „לידערס" מיט שימפּעריען און זלזולים געדראָהט זיי צו פאַרלאָזען דעם האָל. דאָס איז אָבער געטאָן געוואָרען ווען פיל פון זיי האָבען שוין אָפּגעשטימט.

די קאָנפערענץ האָט אָנגעהאַלטען פון 10 אין דער פרי ביז 6 אין אָוונט.

די אָפּשטימונג האָט זיך אָנגעפאַנגען נאָך 4 אַ זייגער. פיל דעלעגאַטען, זייענדיג מיד און אויסגעהונגערט, האָבען נאָך פריער פאַרלאָזט דעם האָל, און אין דער אָפּשטימונג האָבען זיך באַטייליגט 354 דעלעגאַטען.

מיר ווילען דאָ אויך באַמערקען, אַז צווישען די אונטערגעשריבענע זיינען דאָ פיל נעמען, וואָס זיינען, לויט דעם רעקאָרד פון דער אָפּיס קאָמיטע, גאָר ניט קיין דעלעגאַטען. עס זיינען אונטערגעשריבען ברענטשעס, וועמעס דעלעגאַטען זיינען גאָרניט געווען די פּערזאָנען, וועלכע זיינען אונטערגעשריבען אויפ'ן פּאַסקוויל. צום ביישפּיל: בר. 428. דער דעלעגאַט פון אַט דעם ברענטש איז געווען אַנטוויניק און אונטערגעשריבען איז געווען גאָרעליק. פון בר. 146 איז דער דעלעגאַט געווען סוטין און אונטערגעשריבען איז מעלער. פון בר. 510 איז דער דעלעגאַט געווען ווייך און אונטערגעשריבען איז ראָזען.

מיר וואָלטען אויך געקענט אָנווייזען אויף נאָך אַזעלכע „דעלעגאַטען" מיט נעמען פון דער הפטורה, וואָס זיינען אונטערגעשריבען אויף דעם פּאַסקוויל, אָבער דאָס איז גענוג, און עס כאַראַקטעריזירט די אויפריכטיגקייט און ערליכקייט פון די דאָזיגע פּערזאָנען.

פריינד! פון דאָס אויבענגעזאָגטע און פון די פאַקטען, וועלכע מיר האָבען דאָ אָנגעגעבען, קענט איר האָבען אַ קלאָרען באַגריף וועגען דער האַנדלונג און טאַקטיק פון אַט דער גרופּע און וואָס זיי באַצוועקען אין אַ. ר. עס איז קלאָר, אַז זיי מיינען ניט די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציע, אַז ניט דער א. ר. קימערט זיי, נאָר זיי זוכען אַריינצושלעפּען דעם א. ר. אין ענגע פּאַרטיי־פּאָליטיק, וועלכע וואָלט געפירט אונזער אָרגאַניזאַציע צו אַ רואינע.

ניט קיין אידען־קאַמף ווערט דאָ אָנגעפירט, ווייל אין אידען־קאַמף טאָר מען ניט אָנווענדען די וואָפע פון שמוץ, רכילות און פאַרלוימדונגען. ניט קיין קאַמף פאַר פּרינציפּען און אידעאַלען ווערט דאָ געפירט, ווייל וועגען דעם אַז דער א. ר. זאָל וואָס מער זיך פאַנאַנדערוואַקסען אין זיין אוסגעהאַלטענער פּרינציפּען־ליניע און זאָל פאַרבלייבען איינער פון די וויכטיגסטע זיילען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, — וועגען דעם זיינען ניטאָ קיין מיינונגס־פאַרשידענהייטען. אָבער ניט דאָס באַצוועקען זיי, און ניט דאָס איז זייער שטרעבונג, זייער האַנדלונג די גאַנצע צייט ביז דעם לעצטען מאָמענט האָט בלויז באַוויזען, אַז זייער הויפּט־ציל באַשטייט אין פאַרכאַפּען די פאַרוואַלטונג פון אַ. ר. אין זייערע הענט, כדי אויסצונוצען פאַר זייערע שמאָלע פּאַרטיי־צוועקען אונזער גרויסע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרען מיט אַזוי פיל מי און לאַנג־יעריגער שווערער אַרבעט.

אונזער שטרעבונג איז שטענדיג געווען צו פירען דעם אַ. ר. אויף דעם ברייטען וועג פון פּראָגרעס צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. אַט דעם אידעאַל האָבען מיר געהאַלטען און האַלטען איצט זעהר הויך. מיר גלויבען ניט אז די ברייטע מיטגלידערשאַפט פון אַ. ר., וועמען די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען נאָענט צום האַרצען, וועלען דערלויבען איבערצוגעבען אונזער אָרדען אין די הענט פון די עלעמענטען, וועלכע ווילען און קענען ניט בויען, נאָר וועלכע האָבען אַרויסגעצייגט בלויז די פעאיגקייט אָנצופירען צעשטערונגס־אַרבעט אין די רייען פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר האָפען, אַז די ברענטשעס און מיטגלידער פון אַ. ר. וועלען אָפּהיטען די גאַנצקייט פון אַ. ר. און ניט דערלאָזען אַריינברענגען דעם צעשטערונגס־גייסט אין אונזערע רייען.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע א. ר.

# אַפּיל פון „האַיאַס" צו די דעלעגאַטען פון דער צוויי און צוואַנציגסטער אַרבעטער רינג קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ, קענעדע

ווערטע פריינד:

אויסערגעוויינליך איז אונזער אַפּיל צו אייך, וואָרטפירער פון אַרבעטער־רינג.

נאָך קיינמאָל האָט די הכנסת אורחים און אימיגראַנט עיד סאָסייעטי אוו אַמעריקע ניט געהאַט אויף זיך אַזעלכע שווערע אויפגאַבען ווי איצט. הונדערטע טויזענדע צעבראָכענע, פאַרוואָגעלטע אידישע נפשות פון אַלע וועלט־טיילען פאָדערען הילף פון די „האַיאַס", אַ הילף וועלכע מיר אַלע מוזען געבען, ווייל זיי זיינען אונזערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, פלייש פון אונזער פלייש, בלוט פון אונזער בלוט. זיי מוזען נעבאָך האָבען אַ היים, אַמעריקע אָדער אַנדערשוואו, און די שטערונגען ווערען אימער גרעסער — פון איין זייט די שונאים פון אימיגראַנטען, וואָס שטייען אויף דער וואַך צו מאַכען פאַרשידענע באַגרענצונגען, און פון דער צווייטער זייט די זייער שווערע פינאַנציעלע לאַגע, וואָס די „האַיאַס" מאַכט איצט דורך.

צו אייך, מיטגלידער פון א. ר., ווענדען מיר זיך אַלס צו זיכערע עמיגראַנטען פריינד: ערלויבט ניט, אַז מיר זאָלען ניט קענען אָנגיין מיט די נייטיגע אַרבעט. דער רוסישער עמיגראַנט רופט צו אונז אין רוסלאַנד צו העלפען זיי, לאָמיר זיי קענען ענטפערען.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע פון א. ר. האָט אַ געהעריגע רעקאָמענדאַציע צו דער קאָנווענשאָן. טאָ נעמט דאָס אויף פריינדליך. העלפט די „האַיאַס" ממשות'דיג, אויב איר וועט אַפילו זיך דאַרפען אָנשטרענגען, ווייל מיט אייער הילף צו דער הכנסת אורחים און אימיגראַנט עיד סאָסייעטי איז אויך אַ הילף צו אַ גרויסער טייל מיטגלידער פון אַ. ר.

מיט האָפענונגען אויף אייער פריינדליכער האַנדלונג און מיט בעסטען גרוס,

הכנסת אורחים און אימיגראַנט עיד סאָסייעטי
אוו אַמעריקאַ (האַיאַס)




# טרויער רעזאָלוציעס

מיט טיפען טרויער באדויערען מיר דעם טויט פון אונזער פר. ל. בארטפעלד. מיט רירענדע שמערצען פילען מיר מיט זיין פרוי און קינדער איבער זייער פארלוסט פון מאן און פאטער.

מ. דארפמאן, סעק. בר. 570.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפען טרויער און באדויערען דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. מאקס דוואסקין, און דריקען אויס אונזער טיפע סימפאטיע צו דער אלמנה און יתומים. ערע זיין אנדענקען. טרויער רעז. קאמ.:

נ. פריד, מ. גודמאן, סעק. בר. 587.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 110 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען שמערץ און טרויער צו אונזער פר. זעליג זילווערמאן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין פרוי. מיר ווינשען אים מער קיין צער ניט האבען.

דזש. פאוולאוו, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און שמערץ אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער ליבען פר. דוד בערנער, איינער פון אונזערע עלטסטע און אקטיווסטע מיטגלידער, וואס איז פלוצלונג געשטארבען זונטאג פרי דעם 12טען פעב. אונזער טיפסטע סימפאטיע צו דער פאמיליע.

רעז. קאמ. בר. 570; דזש. קעלבער, סעק.

---

די עקז. קאמ. פון בר. 167 א. ר. דריקט אויס אין נאמען פון אלע מיטגלידער פון בר, דעם טיפסטען מיטלייד און באדויערן אויפ'ן פריצייטיגען טויט פון פר. ס. מאגילעווסקיס זון, חיים.

ל. באביצקי, סעק., מינעאפאליס, מינ.

---

מיר באדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון פר. מ. בורקאן, פון 223 אשבוירן עוו., אלט 38 יאר. ערע זיין אנדענקען.

מ. גאבעל, סעק., בר. 268 א. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען שמערץ אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער ליבען פריינד איזידאר קאדאש, וואס איז נאך קיין 20 יאר ניט אלט געווען.

סאל. פארקער, סעק. בר. 227.

---

מיר באדויערן דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. דזשאו גאטליב, געשטארבען אין עלטער פון 40 יאר, האבענדיג אויף זיך אן אפעראציע אויף קענסער. פר. גאטליב איז געווען א שטילער, רואיגער מענטש. אונזער טיפסטע סימפאטיע צו זיין פרוי און קינדער.

מארים שאפירא, פינ. סעק. בר. 133 א. ר.

---

מיט געבויגענע קעפ און נעבראכענע הערצער באדויערן מיט דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער באליבטען פריינד און חבר בערנארד בערנאף און זיין פרוי און קינד, וואס זיינען פארגיפטעט געווארען דורך גאז דעם 16־טען מערץ. אין פר. בערנאף האבען מיר פארלארען איינעם פון אונזערע איבערגעבענסטע מיטגלידער פון אונזער ארגאניז. ערע אייער אנדענקען, טייערע פריינד.

ה. דארפמאן, ס. הענקען, א. פלאווניק,

רעז. קאמ. פון וויטעבסקער בר. 224 „בונד“.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און טיפסטען מיטגעפיל צו דער פאמיליע קאפלאן אויף דעם פארלוסט פון זייער זון און ברודער און אונזער פריינד דזשוליוס קאפלאן, געשטארבען דעם 7־טען פעברואר אין עלטער פון 35 יאר.

בר. 86 א. ר.; ר. בערענשטיין, סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בעסאראביער בר. 448, דריקען אויס אונזער טרויער און טיפסטען מיטגעפיל צו אונזער פר. א. וויטץ אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין יונגער טאכטער דזשענעט. ערע איר אנדענקען.

די קאמיטע.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. סיידי וואטקינס. אונזער טרייסט און סימפאטיע צו אונזער פר. דוב וואטקינס און זיינע 5 קינדער. מיר ווינשען אים די צייט זאל אויסהיילען זיינע וואונדען.

בר. 175, אינדיאנאפאליס; ב. סילווערמאן, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער נאך אונזער פארשטארבענעם פריינד און מיטגליד אברהם סילווערשטיין, וועלכער איז פריצייטיג ארויסגעריסען געווארען פון אונזערע רייען. און אין דערזעלבער צייט דריקען מיר אויס אונזער סימפאטיע און מיטגעפיל צו דעם פארשטארבענעם פרוי און קינדער.

בר. 418 א. ר.; ל. נודים, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען שמערץ און טרויער צו אונזער פר. א. אלשמאלער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין געליבטער פרוי. מיר ווינשען אים מער קיין צער ניט האבען.

לואיס וויס, סעק. בר. 512, לאס־אנדזשעלעס.

---

מיר דריקען אויס אונזער סימפאטיע צו דער פרוי, קינדער און פאמיליע פון אונזער געשטארבענעם פריינד און טעטיגען מיטגליד מארים מאסקאוויטש. י. סעגאל, סעק. בר. 553.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און מיטגעפיל צו אונזער פריינדין מרת לינא קוילין פון דע אומגליק, וואס איר האט געטראפען, פארלירענדי איר מאן דורך א באן־אומגליק.

ראון פריינקלין, סעק. ליידיס בר. 529.

---

מיר באדויערן פון טיפסטען הארצען דע פריצייטיגען טויט פון אונזער באליבטען פריינ משה יאסקאוויץ, און מיר דריקען אויס אונזע טיפסטע סימפאטיע צו דער אלמנה און די קינדע ערע זיין אנדענקען.

בר. 553 א. ר.; ס. אפפע, רעק. סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער א באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון דע פרוי פון אונזער פר. נייטען ליס.

בר. 723; בעני זימאן, סעם יאלאוו, רעז. קאמ

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפען באדויערן או שמערץ צו אונזער פר. דזשארדזש מערעל און פא מיליע אויף דעם פארלוסט פון זייער ליבען זוו אונזער טרייסט און סימפאטיע צו דער גאנצע פאמיליע.

מארים דזשייקאבס, סעק. בר. 303, בירמינגהאם

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפען באדויערן או שמערץ צו אונזער פר. לואיס ראטה און פאמילי אויף דעם טראגישען טויט פון זיין ליבער מוטער וואס איז געטויט געווארען פון א סטריט־קאר אונזער טרייסט און סימפאטיע צו דער גאנצע פאמיליע.

מארים דזשייקאבס, סעק. בר. 303, בירמינגהאם

---

מיט געבויגענע קעפ און שווערען געמיט דרי קען מיר אויס אונזער טיפסטען באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. און מיט גליד בעני קושנער, דעם 18־טען מערץ 1922. מיר דריקען אויס טרייסט און טיפסטע סימפאטיע צו דער פאמיליע פון דעם פארשטארבענעם.

חבל על דאבדין ולא משתכחין.

בר. 330; א. קריימער, סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון דזשאן ריעדס בר 718 א. ר., דריקען אויס אונזער באדויערן אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער מיטגלידס פרוי מרס. קאפעל, וועלכע איז געפאלען א טויט לעבען איר טאכטערס חופה. אונזער טרייסט און סימפאטיע צו אונזער מיטגליד ל. קאפעל.

י. לינקין, פינ. סעק. בר. 718.

# פון אונזער קארעספאנדענץ־טיש

## ערשטער האלב־יערליכער באריכט פון דער ניו־יארקער ארג. קאמיטע

דעם 5־טען אקטאבער זיינען מיר אינסטאלירט געווארען מיט 15 מיטגלידער, לויט דעם פארלאנג פון דער נאצ. ארג. קאמיטע. מיר האבען גלייך ביי דער אינסטאליישאן געוואוסט, אז עס שטייט אונז פאר א שווער יאר ארבעט. אבער מיר האבען זיך ניט אפגעשראקען און זיך גלייך גענומען צו דער ארבעט.

מיר האבען זיך פאראייניגט מיט דער נ. י. סיטי עדיוק. קאמ., לויט דעם פארלאנג פון דער לעצטער קאנווענשאן אין באסטאן, און מיר האבען צוזאמען אויסגעארבעט פלענער פאר פארשידענע קאנצערטען און אויך ווי אויסצופירען פארשידענע אונטערנעמונגען אין ברענטשעס. מיר האבען אנגעפירט א גרויסע אגיטאציע אין די ברענטשעס פאר ארגאניזאציאנס ארבעט, און אויך וועגען פארשידענע רעליף־ארבעט פאר סאוועטען־רוסלאנד, אלגעמיינע רעליף און פאר דער „האיאס".

מיט איין ווארט: מיר האבען געטאן אלץ, וואס ס'איז נאר געווען מעגליך פאר אונז, און מיר מעגען זאגען, אז מיר זיינען צופרידען מיט אונזער ארבעט, לויט די איצטיגע אומשטענדען. אין דער צייט ווען אנדערע ארגאניזאציעס האבען פארלארען מיטגלידער אין די טויזענטער, איז אונז געלונגען אין ניו־יארק אליין צו האבען א ריינעם צואוואוקס פון איבער 1200 נייע מיטגלידער. דאס זעלבע קאן מען זאגען וועגען רעליף.

### ארגאניזאציאנס ארבעט

מיר האבען אנגעפירט די ארג. ארבעט אויף פארשידענע מעטאדען. אין איינע ברענטשעס האבען מיר גערופען ספעציעלע מיטינגען, אין איניגע האבען מיר גערופען די סעקרעטארען צו אונזער מיטינג און זיי דערקלערט, אז זיי זאלען רופען ספעציעלע מיטינגען פון זייערע ברענטשעס. לײדער זיינען אבער מערערע סעקרעטארען ניט געקומען און נים געפונען פאר נייטיג זאגאר צו ענטפערען. עס פארשטייט זיך, אז דאס האט אונז געמאכט מער ארבעט. מיר האבען געמוזט שרייבען נאך אמאל בריף אדער שיקען קאמיטעס צו די דאזיגע ברענטשעס. עס איז געווען אן אוממעגליכקייט פאר אונז צו אטענדען די אלע ברענטשעס, ווייל מיר האבען ניט געהאט גענוג מענטשען. מיר האבען אין מאנכע וועגען געמוזט אטענדען צו 3 און 4 מיטינגען עס איז פאר אונזערע מיטגלידער געווען א פיזישע אוממעגליכקייט אלץ צו אטענדען. נאר א דאנק דער איבערגעבענהייט פון אונזערע מיטגלידער האבען מיר אלץ דורכגעפירט מיט ערפאלג.

### רעליף

די נאצ. ארג. קאמ. האט אונז איבערגעגעבען די רעליף ארבעט און מיר האבען באזוכט אלע ברענטשעס, וואס עס איז נאר מעגליך געווען. א דאנק די מיטגלידער און די ברענטשעס פון גרייטער ניו־יארק האבען מיר דורכגעפירט דעם קאמפיין ערפאלגרייך. ביז איצט איז אריינגעקומען פון די גרייטער ניו־יארק ברענטשעס ביי 43 טויזענט דאלאר. אויך פאר'ן „האיאס" האבען מיר גערעדט און אנגעצייגט די נויטווענדיגקייט צו שטיצען די אינסטיטוציע. אויך דא האבען זיך די ברענטשעס גאנץ ווארעם אפגערופען.

### באזוכטע ברענטשעס

מיר האבען פאר די לעצטע 5 מאנאטען באזוכט 492 בר. מיטינגען. אין מאנכע ברענטשעס זיינען געווען פארשידענע סכסוכים, און מיר האבען גענומען אלץ און געזען אלץ אויסצוגלייכען. מיר האבען ערפארען, אז אז איין בר. האט א מיטגליד געהאנדעלט נים ווי אן א. ר. מיטגליד דארף האנדלען אין באצוג צו דער יוניאן פון זיין פאך. דער בר. האט דעם מיטגליד באשטראפט מיט א קליינער שטראף. מיר האבען גערופען א ספעציעלען מיטינג פון דעם ברענטש און געזען אז דער מיטגליד זאל באקומען זיין פארדינטע שטראף. ביי א צווייטען ברענטש איז א מיטגליד אנגעקלאגט געווארען פאר העלפען אין עלעקשאן־טאג די קאפיטאליסטישע פארטייען. מיר האבען געזען אז דער ברענטש זאל נעמען א שטארקע שטעלונג און דער מיטגליד איז באשטראפט געווארען און וועט געווים ארויסגעווארפען ווערען פון דעם א. ר. מאנכע ברענטשעס האבען מיר געזען אויפצולעבען דורך פארשידענע אונטערנעמונגען. בר. 298 האט זיך פאראייניגט מיט בר. 439. עס איז פאר דעם בר. נים געווען קיין מעגליכקייט אליין צו עקזיסטירען. עס זייען דא נאך איניגע שוואכע ברענטשעס. מיר וועלען זען זיי אויפצולעבען אדער פאראייניגען מיט נאך א ברענטש.

### נייע מיטגלידער אריינגענומען

פאר די לעצטע 5 מאנאטען האבען מיר א דאנק די ברענטשעס אין גרייטער ניו־יארק אריינגענומען איבער 1200 נייע מיטגלידער, שוין ארונטערגערעכענענדיג די געשטראכענע. מיר מעגען זיין שטאלץ דערמים.

### באזוכט סאסייעטים

מיר האבען דורך די 5 מאנאטען באזוכט 12 סאסייעטים, זיי געגעבען אינפארמאציע איבער דעם א. ר. מיט 7 האבען מיר געהאט דאקטאר־עקזאמינייש־אנס און זיי אינסטאלירט אלס ברענטשעס. מאנכע האבען מיר אין גאנצען צוריקגעוויזען, און מיט עטליכע שטייען מיר אין פארבינדונג און זיי וועלען אין קורצען אינסטאלירט ווערן

פאלגענדע ברענטשעס זיינען אינסטאלירט געווארען: דעם 19־טען אקט. — באגוסלאווער אלס בר. 668; אקט. 22־טען — אסטראוויצער אלס בר. 669; נאוו. 7־טען — גרייאווער אלס בר. 35; דעצ. 8־טען — פערער סענטער אלס בר. 203; דעצ. 11־טען — פרידריך ענגעלס בר. 673; יאנ. 6־טען — אמעריקאן לים. סוירקעל אלס בר. 676; יאנ. 7־טען — יעדעניצער אלס בר. 564.

### געמיינשאפטליכע ארבעט מיט דער נ. י. עדיוק. קאמ.

מיר האבען פאראנשטאלט 3 גרויסע קאנצערטען אין אלע 3 טיילען פון שטאט: אין מאנהעטען, וועבסטער האל; אין בראנזוויל לייבאר לייסעאום, און איינעם אין הארלעם. אלע 3 קאנצערטען זיינען באזוכט געווארען פון אומגעפער 3200 מיטגלידער און זייערע פריינד. עס האבען זיך באטייליגט פארשידענע קאנצערטיסטען, א חוץ אונזערע איניגע קרעפטען, ווי דער א. ר. כאר, בר. 625, א. ר. ארקעסטער בר. 615 און די אידישע פאלקס־בינע בר. 555. די קאנצערטען זיינען געווען א גראנדיעזער ערפאלג. מיר וועלען האבען נאך 2 קאנצערטען דעם סעזאן, דעם 15טען אפריל אין וויליאמסבורג און דעם 21טען אין בראנזוויל.

פאלגענדע ברענטשעס האבען מיר געהאלפען דורכפירען זייערע אונטערנעמונגען: בר. 640, 36, 96, 76, 500, 215, 635, 62 און 276.

מיר האבען אויך געמאכט אראנזשמענטס מיט פארשידענע קאנצערטיסטען און א. ר. אינסטיטוציעס צו באטייליגען זיך אין די א. ר. אונטערנעמונגען פאר האלבע פרייזען, וואס זיי רעכענען אנדערע ארגאניזאציעס.

מיר גיבען אייך איבער אלץ וואס מיר האבען געטאן אין די לעצטע 5 מאנאטען. מיר האפען, פריינד, אז איר וועט אונז ווייטער מיטהעלפען אין דער ארבעט, אזוי אז מיר זאלען קומען צו דער נעקסטער קאנווענשאן אין טאראנטא אלס די ערשטע אויף דער ליסט פון אלע סיטי און דיסט. קאמיטעס איבער'ן לאנד, און זאלען אלע נעמען אונזער ביישפיל און העלפען מאכען דעם א. ר. גרויס און מעכטיג, דער שטאלץ פון דער אידישער ארבעטער־וועלט.

מיר דאנקען אלע מיטגלידער און ברענטשעס פון גרייטער ניו־יארק, אויך דער נאצ. עקז., פאר העלפען אנפירען די ארבעט פאר אונזער באליבטען ארדען.

א. לאנגער, סעק.

## ברוקלינער טעריטאריען קאנפערענץ

זונטאג דעם 26־טען פעבר. איז פון עקזעקוטיוו באורד מיטגליד, גענ. מאלער, ערעפענט געווארען די ברוקלינער טעריטאריען קאנפערענץ פאר דעלעגאטען צו דער נעקסטער קאנווענשאן, אין א. ר. שולע. אלס טשערמאן איז ערוויילט געווארען דעלעגאט אייבראמס פון בר. 3, אלס וויים־טשערמאן דעלעגאט פעלדמאן פון בר. 481, אלס סעקרעטאריאט—די דעלעגאטען דזשייקאבס פון בר. 471 און שווארץ פון בר. 507, אלס קרעדענשעל קאמ. די דעלעגאטען ליוויי פון בר. 3, דזשאנסאן, בר. 6, און פעסען, בר. 315.

די קרעדענשעל קאמיטע באריכטעט, אז עס זיינען פארטראטען 21 ברענטשעס און 87 דעלעגאטען. די פראגע ווערט אויפגענומען ווי אזוי צו ערוויילען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. נאך א לאנגער דעבאטע ווערט באשלאסען מיט 23 שטימען געגען 12 צו ערוויילען די דעלעגאטען דורך א רעפערענדום. עס ווערט אויך באשלאסען, אז נאך דער קאנווענשאן זאלען גערופען ווערען סעקציע־קאנפערענצען אין אלע טיילען פון ברוקלין צו באריכטען פון דער קאנווענשאן.

ב. דזשייקאבס, סעקר.

## הארטפארד טעריטאריען קאנפערענץ

דעם 26־טען פעב. 1922 איז אין לויבאר לייסעאום פארגעקומען די טעריט. קאנפערענץ פון הארטפארד. פר. לעוויטאן פון א. ר. עקזעקוטיוו ערעפענט די קאנפערענץ, ערקלערענדיג אירע אויפגאבען. פר. גאלינסקי, בר. 184, און פר. טובמאן, בר. 15, ווערען ערוויילט אלס סעקר. פאלגענדע ווערען ערוויילט אין דער קרעדענשעל קאמיטע: פר. וויליאם, סעק. אייב גאלד, בר. 15; פר. שיפמאן, בר. 568. פאלגענדע ברענטשעס זיינען געווען פארטראטען: בר. 15: סעק. גאלד, ערעלשטיין, קאזוארסקי און טובמאן; בר. 184: גאלינסקי און סעלין; בר. 326: קלעפער; בר. 568: שיפמאן; בר. 612: סטאהל; בר. 255: סלאפער. אויך ווערען צוגעלאזען 3 פראטוירגאל דעלעגאטען פון דיסטריקט קאמיטע. עס ווערט באשלאסען אז פר. ליכט פון בר. 22 זאל צוגעלאזען ווערען צו דער קאנפערענץ, ווען ער וועט צושטעלען זיין קרעדענשעל.

די דיסטריקט קאמיטע באריכטעט, אז אירע מיטגלידער אטענדען צו די מיטינגען בעסער ווי פריער. זיי וואלטען געווען געטאן מער ארבעט, נאר זיי האבען ניט געהאט קיין געלט. זיי גיבען אויך אן איבערבליק איבער די ברענטשעס: אין איניגע איז די לאגע בעסער און אין איניגע איז די לאגע ערגער.

די א. ר. שולע איז ערפאלגרייך אין הארטפארד. פר. וויליאם סעק, בארד און דירעקטאר, גיט אן איבערבליק וועגען דעם גלענצענדען צושטאנד פון א. ר.

פאלגענדע דעלעגאטען זיינען נאמינירט פון די ברענטשעס פאר דער קאנווענשאן: בר. 15, ב. מארקוס און בר. 184, י. גאלוב, הארטפארד; בר. 22, א. פלעם, ניו־בריטען; בר. 128, מ. הורעוויץ, נארוויטש; בר. 326, ל. גאלדבערג, הארטפארד; בר. 525, פ. שלאפאק, קאלטשעסטער.

פר. ב. מארקס פון בר. 15 ווערט ערוויילט מיט 10 שטימען. ל. גאלדבערג פון בר. 828 — מיט 7 שטימען.

דערמיט האט זיך די קאנפערענץ געשלאסען.

י. גאלינסקי, וו. טובמאן, סעקרעט.

## קינגסטאנער טעריטאריען קאנפ.

די טעריטאריעלע קאנפערענץ אין קינגסטאן איז פארגעקומען דעם 26־טען פעב. אין מענערקאר האל. פ' קעניג איז ערוויילט געווארען אלס טשערמאן.

די קאנפ. האט באשלאסען פארלאנגען פון דער נייער סאניטאריום קאמיטע צו ערוויילען א קאמ. פון אונז, וואס זאל ארבעטען מיט זיי צוזאמען כדי צו פארלייכטערען געוויסע שוועריגקייטען. אויב א מיטגליד פון אונזער געגענט וועט קראנק ווערען אויף טובערקולאזיס זאל ער נישט דארפען פארען אין ניו־יארק און דערנאך צוריק, נאר זאל גלייך קענען געשיקט ווערען פון בר. אין סאניטאריום פאר עקזאמען, און ווען נייטיג זאל ער דארט גלייך פארבלייבען. ס'איז אויך באשלאסען געווארען, אז דאס אייגענטום פון סאניטאריום זאל אינשורט ווערען פון דער אלסטער און סאליוואן קאונטי „פייער אינשורענס קאמפאני".

פ' פאראלסקי איז ערוויילט געווארען אלס דעלעגאט צו דער נעקסטער קאנווענשאן.

י. באלזאם, סעקר.

## נוארקער דיסטריקט קאנפערענץ

זונטאג דעם 26־טען פעבר. נאכמיטאג ווערט די קאנפערענץ פון נוארקער דיסטריקט ערעפענט פון פר. סלאווין, טשערמאן פון דיכט. קאמ. אין איינינע ווערטער אפעלירט ער פאר איינינקייט אין א. ר. פר. אויערבאך פון בר. 23 ווערט ערוויילט אלס טשערמאן. פר. פאלאק פון בר. 290 ווערט ערוויילט אלס סעק. קרעדענשעל קאמ.: סלאווין, ווירניק, טעניבורג, סטרעזעווסקי און ד. שטיין. זיי רעפארטען, אז עס זיינען פארטראטען 21 ברענטשעס דורך 30 דעלעגאטען, 1 דעלעגאט פון בר. 468 רעקאמענדירען זיי ניט צוצולאזען. רעפארט ווערט איינשטימיג אנגענומען. עס ווערט ערוויילט א ציילער קאמיטע פון 3: סלאווין, העק און רייזין, און מען גייט איבער צו ערוויילען 5 דעלענאטען צו דער קאנווענשאן. פאלגענדע זיינען ערוויילט: פר. אויערבאך, בר. 23; פר. פאלאק, בר. 290; באטווינניק, בר. 451; שטיין, בר. 509; טשערנילע, בר. 562. עס ווערט איינשטימיג באשלאסען אנצונעמען די רעקאמענדאציע פון בר. 107, אז קאנווענשאנס זאלען געהאלטען ווערען איינמאל אין 2 יאר, און עס זאל געענדערט ווערען די פארמע פון ערוויילען דעלעגאטען.

מ. פאלאק, סעקר.

## קליוולאנדער טעריטאריעלע קאנפ.

זונטאג דעם 22־טען מערץ האט זיך אין קענטאן, אהייא, געעפענט די קליוולאנדער טעריטאריעלע קאנפערענץ. א. גאלדבערג פון בר. 559 איז ערוויילט געווארען אלס טשערמאן.

פר. ר. גוסקין, טשערמאן פון דער נאצ. עקז. קאמ., דערקלערט, אז די נאצ. עקז. און די נאצ. גריוועגס קאמ. האבען דערהאלטען א קלאגע פון די פיר געזעצליכע דעלעגאטען פון בר. 79, אז די פריערדיגע קאנפערענץ האט זיי ניט צוגעלאזען, אבוואל זיי האבען געהאט די אפיציעלע קרעדענשעלס וואס דער בר. 79 האט זיי געגעבען. די גריוועגס קאמ. האט באשלאסען, אז די קאנ־

פערענץ האט ניט געהאט קיין רעכט אויסצושליסען בר. 79 פון קאנפערענץ און האט דערקלערט די קאנפערענץ ניט געזעצליך. די גריוועגס קאמיטע האט אנטשידען, אז די פיר דעלעגאטען, וואס דער ברענטש 79 האט געשיקט צו דער קאנפערענץ, זיינען געווען געזעצליכע דעלעגאטען און זיי זיינען בארעכטיגט צו פארטרעטען דעם בר. 79. די נאצ. עקז. האט דורך א רעגיסטרירטען בריף געלאזט וויסען די ברענטשעס, אז זיי זאלען שיקען צוריק די אלטע געזעצליכע דעלעגאטען און נאר די דעלעגאטען וועלען צו דער קאנפערענץ צוגעלאזען ווערען. דער באשלוס איז בינדענד ביז די נים־צופרידענע וועלען אפעלירען צו דער נאצ באורד און דירעקטארען, אדער צו דער קאנווענשאן.

נאך דער דערקלערונג נעמט פר. ר. גוסקין איבער דעם טשער צו פירען די זיצונג פון קאנפ. דער טשערמאן, פר. ר. גוסקין, רופט פאר נאמינאציעס פאר א קרעדענשעל קאמיטע. נאכ'ן שטימען דערקלערט דער טשערמאן, אז די פאלגענדע דריי זיינען ערוויילט געווארען: פ.ר באַרמאן פון בר. 155, פר. אללען פון בר. 79 און פר. גאלבערג פון בר. 559.

די דעלעגאטען פר. בארמאן און פר. קאסטעלניצקי פון בר. 155, טאלידא, פר. פיעד פון בר. 587, עקראן, פר. סלוצקי פון בר. 652, לארייז, פר. סלוט פון בר. 430, קליוולאנד, און פר. פוירל פון בר. 480, קליוולאנד, האבען זיך אנטזאגט איבערצוגעבען זייערע קרעדענשעלס צו דער קאם. און האבען פארלאזען די קאנפערענץ.

פר. ס. יעללין פון בר. 79 ווערט דאן ערוויילט אלס סעק. פון קאנפערענץ.

די קרעדענשעל קאמיטע באריכטעט, אז די פאלגענדע ברענטשעס זיינען פארטראטען: בר. 46 דורך פר. מ. פאלאנסקי, בר. 390 דורך מ. הענפארד, בר. 79 דורך ס. יעלין, ס. קויפמאן, א. גאלדבערג, א. ראזען; בר. 453 — מ. קאטץ, בר. 559 — ל. א. גאלדבערג, בר. 414 — ל. בעלענקאוו און בר. 587 — מ. גודמאן.

מיט 8 שטימען נעגען 2 ווערט באשלאסען: אזוי ווי די צייט איז קורץ זאל די קאנפערענץ ערוויילען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן, דורך א געהיימער אפשטימונג.

די פאלגענדע זיינען ערוויילט געווארען: פר. מ. גודמאן פון בר. 587, עקראן, און פר. מאזעס בענדזשאמין פון בר. 79, קליוולאנד, מיט די פר. ס. סילווער פון 559 קליוולאנד, און פר. הייסמאן פון בר. 390, אירי, פענ., אלס צווייטע קאנדידאטען.

נאך דער ערוויילונג פון די דעלעגאטען אפעלירט פר. ר. גוסקין אין נאמען פון דער נאצ. עקז. פון א. ר. צו ארבעטען אייניג אין די ברענטשעס און האבען אין זינען די גאנצקייט פון א. ר.

. . ס. יעלין, סעק. פון קאנפ.

# טעריטאריעלע קאנפערענץ פון בראקטאן, מאסס.

בראקטאן, מאסס., פעב. דעם 26טען.

פר. מארגענשטערן, טשערמאן פון בראקטאנער סיטי קאמ., ערעפענט די טעריטאריעלע קאנפערענץ. אלס טשערמאן ווערט ערוויילט ב. זימאן און אלס סעק. אלעקס לאסאוו פון בר. 723, ניו־בעדפארד. עס ווערט גלייכצייטיג ערוויילט א קרעדענשעל קאמ.: טאלאוו, בר. 675, און פיינבערג, בר. 715, בראקטאן. די קרעדענשעל קאם. רעפארטעט, אז עס זיינען פארטראטען 5 בר. מיט 7 דעלעגאטען און רעקאמענדירען אלעמען צוצולאזען. פר. קרינסקי, פון דער נאצ. עקז. קאמ., דערקלערט דער קאנפערענץ, אז אונזער טעריטאריע איז בארעכטיגט צו 1 דעלעגאט. די קאנפ. קען גלייך ערוויילען, אדער דורך א רעפערענדום. מיט 4 נעגען 3 ווערט באשלאסען צו ערוויילען דורך א רעפערענדום. דער סעק. לעזט פאר די נעמען פון די דעלעגאטען: דייוויס, בר. 725; לאסאוו, בר. 723; טאלאוו, בר. 675 און ספערלינג, בר. 715. דייוויס דערקלערט, אז ער ציט זיך צוריק און מען גייט איבער צו שטימען. אויפ'ן רעפערענדום באלאט גייען ארויף: אלעקס לאסאוו, בר. 723, ניו־בעדפארד, און הערי טאלאוו, בר. 675, בראקטאן.

אלעקס לאסאוו, סעק.

# טעריטאריעלע קאנפ. פון ריטשמאנד

די ריטשמאנדער טעריטאר. קאנפ. איז אפגעהאלטען געווארען דעם 26־טען פעברואר. פאלגענדע דעלעגאטען זיינען געווען פארטראטען:

בר. 120, פ' אנאלפיין און קלעמען; בר. 213, פ' י. לעווין און י. ריקלעס; בר. 313, פ' י. מאס; בר. 513, ט. דייוויס און מ. קליין; בר. 365, קיין דעלעגאטען. פריען בר. 591, פר. וואסערשטיין און דזשערים. פ' וואסערשטיין ווערט ערוויילט טשערמאן און ס. קאזלאוו, סעק.

פ' גאלדשטיין פון בר. 120 באריכטעט, אז א סך נייע מיטגלידער זיינען אריינגענומען געווארען און נייען אז מיט רעליף און בילד. ארבעט. פ' לעווין פון בר. 212 גיט איבער, אז זיי ארבעטען זייער פיל פאר זייער א. ר. שול, כאטש ס'איז זייער שווער זי אויסצוהאלטען. פ' קאן באריכטעט, אז זייער א. ר. שול באקומט פון זיי די ענערגישסטע ארבעט. זיי שטאלצירען מיט איר. פ' וואסערשטיין באריכטעט, אז כאטש זיי זיינען קליין אין צאל, פונדעסטוועגען טוען זיי גוטע ארבעט. פ' ריקלעס באריכטעט, אז בר. 212 האט באשלאסען הייי־יאר ניט ארויסצושטעלען קיין דעלעגאט, ווייל זיי זיינען ניט בארעכטיגט. פ' דזשערים באריכטעט, אז זיי טוען אלץ, וואס ס'איז נאר מעגליך פאר'ן ברענטש.

באשלאסען ארויפצושטעלעןביידע קאנדידאטען אויפ'ן רעפערענדום באלאט.

ס. קאזלאוו, סעק.

# טאראנטאנער דיסט. קאנפערענץ

די טאראנטער סיטי און דיסטריקט קאמיטע קאנפערענץ ווערט ערעפענט זונטאג דעם 26־טען פעב. אין דער א. ר. שול. אלע ברענטשעס זיינען פארטראטען דורך דעלעגאטען ווי פאלגט: בר. 220 — פר. באסין און שטראוס; 318 — ג. ווייגבערג; 435 — פרידמאן; בר. 293 — ה. קרוגער; בר. 483 — סטראשונער; בר. 219 — פר. לעווין; בר. 339 — פר. שפייזער; בר. 284 — פר. ריטשמאן; בר. 418 — הערי וויינבערג; בר. 572 — דזש. בעלפאר; בר. 884 — גרינוואלד. טשערמאן ערוויילט פר. שטראוס.

יעדער דעלעגאט גיט אפ א באריכט וועגען דעם צושטאנד פון זיין ברענטש. כמעט אלע באריכטען טראגען דעם זעלבען כאראקטער. קיין מיטגלידער זיינען דורכ'ן לעצטען יאר ניט צוגעקומען. אין אייניגע ברענטשעס זיינען מיטגלידער געשטראכען געווארען. דער פינאנציעלער צושטאנד פון מאנכע ברענטשעס איז שלעכט. שולדען פון די מיטגלידער צו די ברענטשעס וואקסען מיט יעדען קווארטאל.

פר. שפייזער באריכטעט פאר דער סיטי קאמיטע: זיי האבען זיך ארגאניזירט אין פארשידענע קאמיטעס און זיי טוען די ארבעט צופרידענשטעלענד. ער באריכטעט אויך פאר דער ארגאניזאציאנס קאמיטע, אז זיי גייען אן מיט זייער רוטינער ארבעט.

פאלגענדע צוויי זיינען ערוויילט געווארען אלס דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן: פר. ריטשמאן פון בר. 284, לאנדאן, אנט., און פר. לעווין פון בר. 219.

עס ווערט באשלאסען צו רעקאמענדירען, אז אונזערע קאנווענשאנס זאלען אפגעהאלטען ווערען אלע 2 יאר. מיר רעקאמענדירען אויך, אז די פראגע וועגען מושב זקנים זאל אויפגענומען ווערען אויף דער קאנווענשאן. מיר רעקאמענדירען אויך, אז דער פיונעראל בענעפיט זאל געהעכערט ווערען ווייל אין מאנכע פאלען קומט אוים די ברענטשעס צו דעקען דעם דעפיציט.

מ. שפייזער, רע. סעק. ק. שטראוס, טשערמאן.

# שיקאגאר טעריטאריעלע קאנפ.

די שיקאגאר טעריטאר. קאנפערענץ איז אפגעהאלטען געווארען זונטאג דעם 6־טען פעברואר אין א. ר. לייסעאום. פר. לעמפערט פון דער דיסט. ארגאניז. קאם. ערעפענט דעם מיטינג. פר. טער פון בר. 127 ווערט ערוויילט אלס טשערמאן און ל. ראזענבלום פון בר. 433 אלס סעק.

פאלגענדע זיינען אריין אין דער קרעדענשעל קאמיטע: פינקוס פון בר. 127, סלאווין פון בר. 178, בלומענפילד פון בר. 32, ברין פון בר. 252 און לעווענסאן פון בר. 547. די קרעדענשעל קאם. ברענגט אריין איר רעפארט, אז 46 ברענטשעס זיינען פארטראטען אויף דער קאנפערענץ מיט 56 דעלעגאטען. 3 דעלעגאטען פון דער דיסט. ארג. קאם. מיט בעראטונגס־רעכט. בר. 254 האט געשיקט צוויי דעלעגאטען, וואס איז בארעכטיגט נאר צו איינעם. רעקאמענדירען זיי, אז איינער זאל זיך צוריקציען. ברענטש 451 האט געשיקט פריינד גרינשפאן אלס דעלעגאט, איז געקומען פר. סניזעצקי און האט דערקלערט, אז ער איז דער ערוויילטער. די קרעדענשעל קאם. רעקאמענדירט: אזוי ווי פר. גרינשפאן האט דעם קרעדענשעל פון בר. אויף זיין נאמען און דעם זיגעל פון בר. און זיי האבען א צושריפט פון בר., וואו זיי דערקלערען אז פר. גרינשפאן איז דער ערוויילטער דעלעגאט, דארום איז פר. גרינשפאן דער ריכטיגער דעלעגאט. באשלאסען נוטצוהייסען די רעקאמענדאציעס פון דער קרעדענשעל קאם.

עס איז באשלאסען געווארען מיט 34 שטימען אז דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן זאלען ערוויילט ווערען אויף דער קאנפערענץ. 20 האבען געשטימט פאר א רעפערענדום. פאלגענדע דעלעגאטען זיינען ערוויילט געווארען: הערי לאפינסקי פון בר. 178, דזשעסי מארקוס פון בר. 227, סעם פינקעלשטיין פון בר. 252, מ. בלומענטהאל פון בר. 306, ד. סילווערשטיין פון בר. 391, י. וו גאלדין פון בר. 444, מארים גיטליץ פון בר. 547.

צווייטע זיצונג מיט ס. לעווין פון בר. 176 אלס טשערמאן. פאלגענדע רעקאמענדאציעס זיינען אנגענומען געווארען צו דער קאנווענשאן: 1) אז די דעלעגאטען זאלען שטימען פאר א 2־יערליכער קאנווענשאן. 2) אז די סאניטאריום קאם. זאל אנשטעלען א דענטיסט אין סאניטאריום. 3) די קאנווענשאן זאל באשליסען צו גרינדען א יתומים־הויז פאר די א. ר. מיטגלידער.

ל. ראזענבלום, סעק.

# פון בר. 358, סאן־דיעגא

אויף אונזער ספעציעלען מיטינג, דעם 8־טען מערץ, איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע:

מיר פראטעסטירען קעגען דער נארטערן קאל. דיסטריקט קאמ. פאר ארויסשיקען צו די ברענטשעס א צושריפט צוריקצורופען פ' ה. ל. סיימאנס אלס מיטגליד אין דער נאצ. ב. פון דירעקטארען. מיר האלטען, אז פר. סיימאנס איז ערוויילט געווארען געזעצליך און אז דער שריט איז א פערזענליכער און וויל בלויז אנמאכען טומעל אין א. ר. און זיינע ברענטשעס.

רעז. קאמ.: נ. בוכמאן, ם. סמעליאנסקי.

# פון בר. 708, קווינסי, מאסס.

צו אלע ברענטשעס פון א. ר.:

מיר ווילען אויפמערקזאם מאכען אלע מיטגלידער פון א. ר., אז מיר האבען געשטראכען אונזער מיטגליד סעם לאסאפסקי, א שוסטער ביים טרייד, פאר צונעמען פון אונזער בר. 37 דאלער, א תוץ זיינע דיוס. ער איז געווען א קאמיטע־מאן צו פארקויפען אין אונזער קלוב־צימערען סיגארען און סיגארעטען און איז אוועק פון אונזער שטאט נאך א באנקראט דעם לעצטען אקטאבער, און דאס געלט איז ניט אפגעשיקט. אלזא, בעטען מיר אלע בר. פון א. ר. אים צו פארשטויסען פון זיך און אים זאגען, אז מיר זיינען דא איבעראל און מען קען זיך פון אונז ניט באהאלטען. מיר ווילען מאכען אויפמערקזאם די סענט־לואיסער מיטגלידער צו נעמען אכט ביי זיי אין שטאט, ווארים מיר האבען געהערט, אז ער איז אוועק קיין סענט לואיס. לאזט וויסען אונזער בר. סעק., ע. מאטקאווסקי, 44 דזשוירמעין עוו., קווינסי, מאסס.

דזש. ס. נאלאסאוו.

# פון בר. 493 ארב. רינג

מיר דריקען אוים אונזער ענערנישען פראטעסט נעגען דער האנדלונג פון דער קליינער טעריטעני דעלעגאטען אויף דער טעריטאריעלער קאנפ. אפגעהאלטען זונטאג דעם 26־טען פעבר., וואס האט דורכגעפירט דעם אויטאקראטישען באשלוס, אז אנשטאט צו נאמינירען בלויז די דעלעגאטען צו דער קומענדיגער קאנווענשאן, ווי ניו־הייווען איז זיך נוהג פון תמיד אן, האבען זיי גופא ביי דער קליינער קאנפערענץ זיך אליין ערוויילט אלס די פאקטישע דעלעגאטען, און האבען איגנארירט דעם רעפערענדום און די 400 מיטגלידער, — דארום זיי עס באשלאסען, צוריקצואווייזען די אקציע פון יענער קאנפערענץ און פאדערען די איינבארופונג פון א נייער קאנפ., וואס זאל זיין באזירט אויף מער דעמאקראטישע און עטישע יסודות, און גלייכצייטיג אפאשפען דעם נייעם פרעצעדענט, וועלכער גיט ניט די מעגליכקייט די מיטגלידער צו קומען צום אויסדרוק דורך א רעפערענדום.

רעז. קאם.: מ. נאקס, ם. נענדעלמאן.

# א בריף פון סעק. פון בר. 263

איך קען קוים אויסדריקען די דאנקבארקייט און צופרידענהייט פאר דעם שיינעם געשאנק, וואס דער בר. האט מיר געגעבען פאר מיין 6־יעריגע דינסט אלס סעק. און טרעזשורער. די פאונטען פען מיט אירע 70 גראווירטע בוכשטאבען, מיט וועלכע איך בין רעפרעזענטירט געווארען פאר אן עולם פון צריבער הונדערט מענטשען, וועט איינגעקריצט ווערען אין מיין זכרון, אלס איינע פון די שענסטע און וויכטיגסטע פאסירונגען אין מיין לעבען.

יעדער בוכשטאב איז א באזונדער אוצר, וואס איז זייער שווער אפצושאצען אפילו מיט די גאלדענע מטבעות, וואס מענטשען רופען אן געלט. באזונדערס דאנק איך: פריינדינען נעראר, קארילאף און אייזענשטיין. קארילאף האט זיך זייער שיין אויסגעצייכענט אלס טשערמאן און טאוסט מאסטער פון דעם אבענד. זיין נאטירליכע, נעבארענע, הומאריסטישע אויסשפראך האט געהאלטען דעם עולם שפאנענדיג.

ניט קוקענדיג וואס מיר האבען ניט לאנג צוריק אוועקגעשיקט $150 פאר די רוסישע הונגער־לײַדענדע, האבען מיר זיך ווייטער אנגעשטרענגט, און מיר האבען געמאכט א קאלעקשאן פון $7.50, וואס וועט איבערגעגעבען ווערען צום גענ. אפיס. כאטש די „סורפרייז פארטי" איז געווען היפשטזעבליך פאר מיר, האט זי די קאמיטע צוזאמענגעפלאכטען מיט דעם 12־יערינען יובילעאום פון אונזער בר., און דער עולם האט זיך געפילט אמת יום־טוב'דיג. דער ענטוזיאזם איז געווען אזוי גרוים, אז מיר האבען אריינגעקרינען 8 נייע מעמבערס, וועלכע וועלען זיין א צירונג פאר אונזער בר. בכלל און פאר דעם א. ר. בפרט. איך דאנק יעדען מעמבער באזונדער פאר זייער חלק, וואס זיי האבען ביינעשטייערט, און איך פארפליכט זיך, אז אין דער צוקונפט וועל איך אויספילען מיינע פליכטען מיט מער פינקטליכקייט.

דזש. שטערן,
פינ. סעק. בר. 263, פארטלאנד, ארעגאן.

# FRIEND
# פריינד

## אינהאלט.




**THE FRIEND**
Official Organ of the Workmen's Circle
JUNE-JULY, 1922

דער פריינד
אָפיציעלער אָרגאַן פון אַרבעטער-רינג
יוני-יולי, 1922

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
331 Pennington Ave., Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND  דער פריינד

VOL. XIII. JUNE-JULY, 1922 No. 6-7

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

### די 22-טע יערליכע קאָנווענשאָן פון דעם אַרב. רינג

שוין לאַנג, אַז דער א. ר. האָט ניט געהאַט אַזאַ שיינע און הערליכע קאָנ־ווענשאָן, ווי די, וועלכע איז אָקאָרשט אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין טאָראָנטאָ, קענעדע. זי איז געוועזן שיין און הערליך ניט נאָר מיט די אויסערליכע עפעקטען, ניט נאָר מיט דעם גלאַנץ און פּראַכט, וועלכע אונזערע פריינד פון טאָראָנטאָ האָבען איר צוגעגעבען דורך זייער אומערמידליכער אַרבעט, נאָר זי איז אויך געוועזן רייך און שיין אין אינהאַלט און אין גייסט. די דעלעגאַטען, וועלכע זיינען געקומען פון אַלע עקען פון אַמעריקע און קענעדע, זיינען געוועזן באַוואוסטזיניג און האָבען געפילט די גרויסע פליכטען, וואָס עס ליגט אויף זיי אַלס פאַרטרעטער פון אַזאַ מעכטיגער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבען געפילט און געוואוסט, אַז צו זייערע באַשלוסען הערען זיך צו הונדערטער טויזענטער אידי־שע אַרבעטער פון אַמעריקע און פון אייראָפּע, אַז הונדערטער טויזענטער אויגען קוקען אויף זיי און וואַרטען מיט אומגעדולד צו הערען זייער מיינונג וועגען פראַגען, וועלכע האָבען צו טאָן ניט נאָר מיט די אינטערעסען פון דעם א. ר. אַלס אַן אָרגאַני־זאַציע, נאָר אויך וועגען פראַגען פון אַן אַלגעמיינעם געזעל־שאַפטליכען כאַראַקטער, ווייל די קאָנווענשאָנס פון דעם א. ר. זיינען ניט נאָר קאָנווענשאָנס צו באַשליסען פראַגען פון א. ר. אַליין. דער א. ר. איז געוואָרען אַ גרויסע, מעכטיגע אָרגאַני־זאַציע, וועלכע האָט צו זאָגען איר וואָרט אויך אין פראַגען, וואָס רירען אָן דעם וואוילזיין פון די ברייטע אידישע אַרבעטער־מאַסען.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס צו אונזערע קאָנווענשאָנס קומען פאַרטרעטער פון אַלע פאַרשידענע ריכטונגען און שאַטי־רונגען און עס קומען שלוחים, בעטענדיג שטיצע פאַר זייערע רעספּעקטיווע אינסטיטוציעס, ווייל זיי ווייסען, אַז פון דער א. ר. קאָנווענשאָן וועלען זיי ניט אַוועקגיין ליידיג. זיי פילען און זיינען איבערצייגט, אַז שטייענדיג אויף דער טריבונע פון דער א. ר. קאָנווענשאָן און רעדענדיג צו אירע דעלעגאַטען, הייסט דאָס אין דער זעלבער צייט רעדען צום הארץ פון די אידישע אַרבעטער אין אַמעריקע, צו זייער געוויסען, צו זייער יושר. און ווען די שלוחים פון דער געזעלשאַפט „אָרט" זיינען געקומען צו דער א. ר. קאָנווענשאָן, האָבען זיי געוואוסט, אַז דער א. ר. וועט זיך אָפּרופען אויף זייער אַפּיל, פּונקט ווי ער האָט זיך אָפּגערופען אויף דעם אַפּיל פון דער „האיאס" און פּונקט ווי ער האָט אימער געשטיצט און אויסגעשטרעקט אַ ברי־דערליכע האַנט צו אַלע די, וועלכע נייטיגען זיך אין זיין שטיצע, צו אַלע די, וועלכע רופען צו העלפען די ברייטע אידישע מאַסען, צו העלפען זיי מאָראַליש, פינאַנציעל און גייסטיג. אַלע אַפּילס האָבען געקראָגען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג אין די הערצער פון אונזערע דעלעגאַטען, אַלע שאַטירונגען און אַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען פאַר זיך געשטעלט הויכע און נאָבעלע צוועקען.

אמת, די קאָנווענשאָן האָט אין איין פאַל געמאַכט אַן אויסנאַם. די קאָנווענשאָן האָט צוריקגעוויזען די אנערקענונג פון דער „פרייהייט"; אָבער דאָס, ווי עס ווערט געזאָגט אין אַן אַנדער פּלאַץ, איז געטאָן געוואָרען ניט צוליב דעם, וואָס דער א. ר. אנערקענט נים אין זיינע רייען פאַרשידענע ריכ־טונגען און שאַטירונגען, נאָר צוליב דער אומזויבערער טאַקטיק, וועלכע די פירער און די טוער פון אָט דער ריכטונג האָבען אָנ־געווענדט די גאַנצע צייט פון זייער עקזיסטענץ געגען די פירער און טוער פון דעם א. ר. די באַשלוסען, וועלכע די דעלעגאַטען האָבען אָנגענומען, זיינען געוועזן דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דעם א. ר. און זיינע אַלטע טראַדיציעס צו האַנדלען זעלבסטשטענדיג, דיקטירט פון דעם אייגענעם געוויסען, ניט ווערענדיג באַאיינפלוסט פון זייטיגע אינטערעסען אָדער מאָ־טיוועז. זיי האָבען אָנגענומען באַשלוסען, אַזעלכע, וועלכע זיי האָבען געדענקט, אַז זיי זיינען פּאַסענד און אין איינקלאַנג מיט די אינטערעסען פון דעם א. ר. און פון דעם גאַנצען אַרבעטער־קלאַס. זיי האָבען זיך גאַנץ ווייניג געקימערט וועגען די מעג־ליכע אַטאַקעס און פאַרלוימדונגען, וועלכע וועלען געמאַכט ווערען געגען זיי פון די געגנער און בייזוויליגע דעמאַגאָגען, וועלכע זוכען צו מיסרעפּרעזענטירען און אַרויסשטעלען יעדע זאַך אין אַ פאַלשער ליכט. די נייע פּרינציפּען־ערקלערונג, אָנ־גענומען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, גיט אַ בילד פון דער שטימונג און שטעלונג פון אונזערע דעלעגאַטען. זי איז קלאָר און שאַרף, אָן געפּליגעלטע פראַזען, אָבער זי זאָגט דייטליך וואָס דער א. ר. איז און דריקט אוים דעם גאַנצען גייסט, שטרע־בונג און צילען פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

פון די וויכטיגסטע באַשלוסען, וועלכע וועלען זיין פון באַ־דייטונג פאַר אונזערע מיטגלידער, איז דער באַשלוס וועגען אָפּ־שאַפען די יערליכע קאָנווענשאָנס. אָט די פראַגע האָט שוין פאַרנומען די מוחות פון אונזערע מיטגלידער פאַר די לעצטע עטליכע יאָר און ענדליך איז מען געקומען צו דעם געדאַנק, אַז איצט, ווען דער א. ר. איז אַזוי אויסגעוואַקסען און זיינע גע־שעפטען זיינען אויף אַ סאָלידען באַזיס, איז ניטאָ קיין נויט־ווענדיגקייט צו צוזאַמענקלייבען זיך יעדען יאָר צו קאָנווענשאָנס און אויסגעבען שווערע צענדליגע טויזענדע דאָלאַר, וועלכע וועלען קענען געברויכט ווערען פאַר פיל וויכטיגערע צוועקען. די ברייטע מיטגלידערשאַפט וועט איצט האָבען צו זאָגען איר ענטגילטיג וואָרט וועגען אָט דער פראַגע און, עס פאַרשטייט זיך, אַז זייער באַשלוס וועט זיין אַ געזעץ.

די קאָנווענשאָן האָט אויך אָנגענומען די רעקאָמענדאַציע וועגען שאַפען אַ נייע אינסטיטוציע אין דעם א. ר., אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער. וואָס פאַר אַ מיינונג מען זאָל ניט האָבען וועגען דער דרינגליכקייט אין דעם מאָמענט פאַר אַזאַ אינסטי־טוציע, איין זאַך איז אָבער קלאָר, אַז שוין איצט זיינען פאַראַן אין דעם א. ר. עלטערע מיטגלידער אין די יאָרען פון אַריבער 60 אין אַ גאַנץ באַדייטענדער צאָל און די פליכט פון דעם א. ר. איז אַריינצוטראַכטען זיך שוין וועגען באַזאָרגען אַזעלכע מיט־גלידער מיט אַ היים און מיט באַקוועמליכקייטען אויף זייער על־טער, און איידער דער דאָזיגער געדאַנק וועט דורכגעפירט ווערען אין לעבען, וועט וואַרשיינליך אַריבער אַ פּאָר יאָר און די צאָל עלטערע מיטגלידער וועט וואַקסען, און דעריבער איז די שאַפונג פון אַזאַ אינסטיטוציע אין דעם א. ר. פון אַ גרויסער וויכטיגקייט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אייניגע פון אונזערע מיטגלידער זיינען נאָך אַלץ אונטער דעם איינדרוק, אַז מיר זיינען אַ זייער יונגע אָרגאַניזאַציע און די דאָזיגע פראַגע האָט אונז ניט געדאַרפט אין גאַנצען אינטערעסירען.

וועגען אַלע אַנדערע באַשלוסען וועלען אונזערע לעזער האָ־בען אַ פולען באַגריף פון די באַריכטען, וועלכע זיינען געדרוקט אין דעם נומער. מיר האָפען און גלויבען, אַז אונזערע מיט־מיטגלידערשאַפט, די לאָיאַלע און די איבערגעגעבענע צו די אינטערעסען פון דעם א. ר., ווען זיי וועלען זיך באַקענען מיט

אַט די אַלע פאַקטען אין אַלע זייערע איינצעלהייטען, און וועלען זיך איבערצייגען, אַז די קאָנווענשאָן האָט פּאָלקאָם דערפילט אירע פּראָבלעמען. די דעלעגאַטען האָבען געטאָן זייער פליכט אַלס ערענהאַפטע פאַרטרעטער פון דער גרויסער מיטגלידערשאַפט פון דעם א. ר. מיר האָפען און גלויבען, אַז אונזערע מיטגלידער וועלען פון איצט אָן און ווייטער לאָזען אַלע שטרייטיגקייטען אָן אַ זייט און מיט דעם גאַנצען אימפּעט און ענערגיע, וואָס זיי פאַרמאָגען, אַריינוואַרפען זיך אין דער ווייטערדיגער אַרבעט צו העלפען דער נייער עקזעקוטיווע צו מאַכען אונזער א. ר. וואָס גרעסער, רייכער און שענער.

* * *

**די „לינקע" און די פּראָטעסט־קאָנווענשאָן**

צוויי רעזאָלוציעס פון אונזער קאָנווענשאָן האָבען אַרויסגערופען אַ שטורעמדיגע אומצופרידענהייט פון די „לינקע": די רעזאָלוציע וועגען די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין רוסלאַנד און וועגען דער „פרייהייט".

מילא, יעדער מעג זיין יאָ צופרידען אָדער נישט צופרידען מיט די רעזאָלוציעס פון אַ קאָנווענשאָן, און אויב ער איז נישט צופרידען, קען אים קיינער נישט פאַרווערען אַרויסצוזאָגען זיין פּאַרדרוס. אונזערע לינקע פריינד האָבען אָבער געטאָן אַן אַנדער זאַך. אונטער'ן אויסרייד פון אַ פּראָטעסט נעגען די רעזאָלוציעס זיינען זיי געגאַנגען שאַפען אַ צווייטען, אַ לינקען אַרבעטער־רינג. זיי האָבען צונויפגערופען — אַליין, אויף אייגענער אחריות — אַ זעלבסט־געקרוינטע „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן", אויסגעקליבען אַן „אַקציאָנס־קאָמיטעט", איינגעפירט אַ בייטשטייערונג, אויסגעאַרבעט אַ פּרינציפּען־ערקלערונג, אָנגענומען פאַרשידענע באַשלוסען; מיט איין וואָרט — דער נייער אָפּאַראַט איז שוין פאַרטיג, דאָס קערנדעלע פון אַ נייעם, אַ „ליבען" אַרבעטער־רינג איז שוין דאָ, עס פאָדערט זיך נאָר אַ גינסטיגער מאָמענט, כדי דאָס קינד זאָל זיך אָפּרייסען פון דער מאַמען און אָנהייבען אַ זעלבסטשטענדיג לעבען. די הכנות דערצו זיינען געמאַכט געוואָרען.

די דאָזיגע אַרבעט איז אַ צעשטערערישע און צעברעכערישע אין זיין פולסטען זין פון וואָרט. שאַפען אַזאַ „מלוכה אין דער מלוכה", אַן אָרגאַניזאַציע אין דער אָרגאַניזאַציע — דאָס מיינט צו שטעלען דעם ערשטען גרויסען טריט אויפ'ן וועג צו דער ענדגילטיגער צעשפּאַלטונג פון אונזער אַרבעטער־רינג. און אויב די אויפטוער אַליין האַלטען נאָך אַלץ אין איין שרייען, אַז זיי ווילען דוקא איינהייט און דוקא גאַנצקייט, איז עס בלויז אַ סימן, אַז זיי זיינען צו פחדנ'יש אום אַרויסצוזאָגען די אמת'ע כונה, אָדער צו נאַריש אום צו פאַרשטיין דעם אמת'ן זין פון דעם, וואָס זיי טוען אַליין.

און צוליב וואָס האָט מען אויפגעהויבען דעם גאַנצען טומעל? צוליב דער רעזאָלוציע וועגען די פּאָליטישע פּריזאָנערס אין סאָוויעט־רוסלאַנד. וואָס פאַר אַ פאַלשקייט ליגט אין דעם גאַנצען אויפטו איז צו זען שוין פון דעם אַליין, אַז כדי צו שאַפען די נעהעריגע אויפרעגונג, האָט מען געדאַרפט אָנהייבען מיט אַ ליגען. מען האָט דערציילט אין דער „פרייהייט", אַז די קאָנווענשאָן האָט פאַרלאַנגט די באַפרייאונג פון יענע מענטשען, וועלכע זיינען געגאַנגען שיסען אויף לענינען, טראָצקין. וואָס איז דער חידוש, אַז דער עולם איז אויפגערודערט געוואָרען! באַפרייען אַזעלכע פאַרברעכער!

ס'איז אָבער געווען אַ נידערטרעכטיגער ליגען. און דער דאָזיגער ליגען באַווייזט, אַז פאַר די דאָזיגע חברה־לייט איז ניט געווען וויכטיג, וואָס די קאָנווענשאָן האָט געזאָגט, נאָר ס'איז געווען באַשלאָסען צו מאַכען אַ טומעל פאַר יעדען פּרייז און אין יעדען פאַל.

די רעזאָלוציע גופא איז אויסערגעוויינליך מילד, פאַרזיכטיג און מעסיג. זי פאַרלאַנגט די אָנערקענונג פון סאָוויעט־רוסלאַנד. גלייכצייטיג פאָדערט זי אָבער, אַז מען זאָל באַפרייען יענע פּאָליטישע אַרעסטירטע, וואָס זיינען פאַרשפּאַרט צוליב זייערע סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען.

וואָס זשע דען? אַזעלכע מענטשען דאַרף מען יאָ האַלטען אין טורמעס? זינט ווען טאָר מען דאָס נישט פאַרלאַנגען אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך? ס'איז געווען נישט נאָר דאָס רעכט, ס'איז געווען די פליכט פון אַרבעטער־רינג.

דער אַרבעטער־רינג איז דער רויטער־קרייז פון דער אַרבעטער־אַרמיי. ווען עס האַנדעלט זיך וועגען הילף, ווענדט מען זיך צו אים. זיין געלט איז כשר. מיינען מיר, אַז אויך זיין וואָרט מעג אויסגעהערט ווערען. דאָס איז די שטים פון אַרבעטער־געוויסען. און אויב זי געפעלט אימיצען נישט, איז דאָס דער שטענדיגער גורל פון אַזאַ שטים: זי שטערט די, וואָס האָבען עס פאַרדינט.

וואָס איז שייך די צווייטע רעזאָלוציע: וועגען דער „פרייהייט". די דאָזיגע רעזאָלוציע מישט זיך נישט אַריין אין פּאָליטישע חלוקי־דעות, זי כאַראַקטעריזירט בלויז די צעשטערערישע ראָלע, וואָס די „פרייהייט" און איר פּאַרטיי שפּילט אין לעבען פון אַרבעטער־רינג גופא. און אויב עס האָבען נאָך געקענט זיין ספקות וועגען דער נייטיגקייט פון אַזאַ רעזאָלוציע, האָט דער לעצטער אויפטו פון דער „פרייהייט" מיט איר „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן" קלאָר און דייטליך באַוויזען, אַז די אָפּשאַצונג, וואָס די קאָנווענשאָן האָט איר געגעבען, איז געווען דורכאויס אַ ריכטיגע.

* * *

**די פייערליכקייט פון דער קאָנווענשאָן**

אַז אונזער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ איז געווען איינע פון די פייערליכסטע און בעסט־איינגעאָרדנעטסטע, וואָס זיינען ווען עס איז געווען ביי דעם א. ר., אין דעם זיינען אַלע איינשטימיג. די אַראַנזשמענט קאָמיטע איז געווען אויף דער פולסטער הויך פון פאַראַנטוואָרטליכקייט. סיי אין זין פון באַקוועמליכקייטען, סיי אין זין פון געשמאַק, סיי אין זין פון פאַרוויילונגען פאַר די דעלעגאַטען און סיי אין זין פון פייערליכקייטען. יעדע זאַך איז דורכגעפירט געוואָרען ניט נאָר אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, נאָר אויך אויף אַ פּרעכטיגען אופן. פון דער מינוט אָן, ווען דער ספּעציעלער טריין האָט אַראָפּגעלאָזען די אָנקומענדיגע דעלעגאַטען אויף טאָראָנטאָער פּראַטפאָרמע ביז דעם לעצטען אָטעם־צוג פון דער קאָנווענשאָן האָבען אַלע געפילט די זאָרגפעלטיגקייט און וואַכזאַמע אויג פון דער אַראַנזשמענט קאָמיטע.

עס מוז דאָ אָבער דערמאָנט ווערען, אַז די קינדער פון אונזערע טאָראָנטאָער א. ר. שולען האָבען פיל צוגעהאָלפען צו שאַפען די יום־טוב'דיגקייט און ליבליכקייט.

ווער אימיצער פון די דעלעגאַטען וועט פאַרגעסען דעם רירענדען מאָמענט, ווען די לאַנגע קייט פון די געפּאַקטע אויטאָמאָבילען מיט דעלעגאַטען איז דורכגעפאָרען די א. ר. שולע אויף בעווערלי סטריט? קען אַזוי לייכט אָפּגעווישט ווערען דער איינדרוק פון די גראָדע קינדער־רייען, וואָס האָבען באַגעגנט די דעלעגאַטען מיט געזאַנג און בלומען, אָדער דעם פּרעכטיגען כאָר פון דער שולע ביי דער פייערליכער ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן?

וואָס איז דער וואונדער, וואָס די עטליכע טויזענט־קעפּיגע מאַסע אין דעם גראַנדיעזען טעאַטער־פּלאַץ איז געזעסען ווי אַן עלעקטריזירטע און נאָר פון צייט צו צייט האָט זי אויסגעבראָכען אין דונערנדע שטורעמס פון אַפּלאָדיסמענטען!

* * *

**עס מוז זיין הונדערט טויזענט!**

די נייע גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט אויף זיך גענומען די ניט־גאָר לייכטע אויפגאַבע צו פאַרווירקליכען דעם שלאַג־וואָרט פון 1920 — „הונדערט טויזענט מיטגלידער אין א. ר.!" די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע, וואָס האָט איינגענטליך רעקאָמענדירט דעם שלאַג־וואָרט, איז זיכער, אַז „קיין שטיין וועט ניט בלייבען אויפ'ן אָרט" און דער ציל וועט מוזען דערגרייכט ווערען. מיר ווייסען וואָס דאָס מיינט. מיר פאַרשטייען, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע וועט ווידמען אַלע אירע כחות, אַז דער רוף זאָל פאַרווירקליכט ווערען. אירע מיטגלידער וועלען דורכקרייצען דאָס לאַנד, אומעטום זיין, רופען, וועקען, בויען און אָרגאַניזירען נייע קאַדרען אין אונזער אַרמיי.

אָבער מיט איר גאַנצער אָנגעשטרענגטער אַרבעט וועט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ניט פיל קענען אויפטאָן, אויב די ברייטע מיטגלידערשאַפט וועט זיך נישט שטעלען אונטער איר

(שלוס אויף זייט 11)

# דער רוסיש-דייטשער אפמאך אין גענוא און די אידען

פון א. ליטווין

די באמבע, וואס די רוסישע און דייטשע דעלעגאטען אין גענוא האבען געווארפען אין פנים פון די עלאים, האט געפלאצט מיט א מורא'דיגען קראך איבער דער גאנצער וועלט. אמת, זי האט קיינעם ניט געשאדט. דאס איז געווען א פרידליכע באמבע. ניט בלויז האט זי קיינעם ניט געשאדט, נאר, פארקערט: זי איז געווען אן אנזאגערין פון פרידען. די ערשטע בשורה פון אן אמת'ן פרידען אויף דער וועלט. און דערפאר טאקע איז געווען דער קראך, דער שטורם, אזא גרויסער.

נאר צו דערקלערען די באדייטונג פון דעם רוסיש־דייטשען אפמאך פאר דער וועלט, פאר דער וועלט־פאליטיק, לאז איך איבער אנדערע פראפעסיאנעלע פאליטיקער ביי אונז. א י ך וויל דא בלויז אויפמערקזאם מאכען אויף א פועל יוצא פון דעם דאזיגען אפמאך, וואס איז אין אונזער אידישער פרעסע ניט אנגעוויזען געווארען. איך מיין: די אומגעהויערע וויכטיגקייט, וואס דער רוסיש־דייטשער אפמאך וועט האבען פאר אונז אידען.

ווען מיר רעדען וועגען די אינטערנאציאנאלע אידישע אינטערעסען, וועגען דער, אזוי צו זאגען, אויסערליכער פאליטיק פונ'ם אידישען פאלק, דארפען מיר געדענקען ד ע ם פאקט, אז די גרויסע מערהייט פונ'ם אידישען פאלק, פון די אידישע מאסען לעבט אין די סלאווישע און גערמאנישע לענדער. דער עיקר רוסלאנד, פוילען, דייטשלאנד און דאס פריעריגע עסטרייך. אזוי ווי צווישען די דאזיגע לענדער זיינען ניטא קיין נאטירליכע גרעניצען, הייסט עס, אז די מערהייט פון די 14 מיליאן אידען וואס זיינען דא אויף דער וועלט, מ'קען זאגען א גוטע צען מיליאן אידען, לעבען אין איין קאמפאקטע מאסע אין מיטעל־ און מזרח־אייראפע, דא אין קלענערע און שיטערע, דא אין גרעסערע און געדיכטערע גרופעס, אבער נאענט איינע פון די אנדערע אין שטח און פארבונדען איינע מיט די אנדערע דורך עקאנאמישע און קולטורעלע אינטערעסען.

די פאליטישע רעכטלאזיגקייט פון די אידען אין רוסלאנד און פוילען האט געהאלטען די אידישע באפעלקערונג איינגעשפארט אין תחום. דער האנדעל אבער, אט דער וויכטיגסטער לעבענס־נערוו פון דעם אידענס פרנסה, האט דאך אפט פאר דעם אידען געעפענט דעם תחום; געעפענט די געקינצעלטע גרעניצען. דער איד האט ניט געקענט איינווארצלען זיך אין דעם באדען, וואו ער האט געלעבט. ווייל אפילו אין זיין ענגען תחום האט אים דער צארישער רעזשים ניט צוגעלאזען צו דעם שויס פון דער מוטער־ערד. ער האט ניט געקענט נעמען קיין שטארקען אנטייל אין דער אינדוסטרי פונ'ם לאנד אלס פראדוצירער, אלס ארבעטער, ווייל דער אויפוואקסענדיגער קאפיטאל האט אים ניט צוגעלאזען אויס מורא פאר דעם אידענס רעוואלוציאנערען גייסט. קיין אויסנאם איז ניט געווען אפילו דער אידישער קאפיטאל.

נאך די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטרי אין אייראפע און אין רוסלאנד האט זיך גענייטיגט אין א האנדעלס־פארמיטלער, אין אזא עלעמענט, וואס זאל ברענגען דעם קאפיטאל אין באוועגונג. דערין איז דער איד, וואס וואוינט אויף דער גאנצער לענג פון די גרעניצען צווישען רוסלאנד און מערב־אייראפע, געווען ווי געבארען. מ'קען זאגען, אז דריי־פערטעל פון דעם רוסיש־אייראפעאישען אינערליכען און אויסערליכען האנדעל פלעגט פאר דער מלחמה דורכגיין דורך אידישע הענט. דאס האט אנטוויקעלט א גאנץ באדייטענדע אידישע בורזשואזיע אין רוסלאנד און פוילען. א סך פון די אונטערנעמונגס־פעאיגערע אידישע סוחרים באנוגענען זיך ניט מיט דער ראלע פון פארמיטלער, פון הענדלער. פאר גאר גרויסער אינדוסטרי פעלט זיי דער גרויסער קאפיטאל און דער ברייטער שוואונג. זיי אנטוויקלען די מיטעלע און קליינע האלב־הייזינע אינדוסטריע. ערטערווייז גיט זיך זיי איין אפילו ארייננעמען אין זייערע הענט גאנצע צווייגען פון דער גרויס־אינדוסטרי. אזוי צ. ב. איז פאר די לעצטע זיבען יאר פאר דער מלחמה כמעט דריי־פערטעל פון דער טעקסטיל אינדוסטרי אין פוילען און ליטע (לאדז, זגערזש, פאביאניץ, טאמאשאוו, ביאליסטאק) אריבער אין אידישע הענט. די קליידער־ און שיך־אינדוסטרי ליגט אויך צומערסט אין אידישע הענט. דער מסחר פון וואלד און תבואה און די באנק־געשעפטען איז שוין לאנג א אידישע חזקה און אנטוויקעלט זיך נאך שטארקער אין די לעצטע פאר צענדליג יאר. דער גאנצער האנדעל צווישען פוילען און רוסלאנד, צווישען אט די ביידע לענדער און דייטשלאנד, ליגט כמעט אין גאנצען אין אידישע הענט.

אין דער צייט פון דער מלחמה, בעת די רעאקציע אין רוסלאנד האט זיך פארשטארקט, פרואווען די שווארצע כחות נאציאנאליזירען דעם רוסישען האנדעל. ד. ה. ארויסנעמען אים פון אידישע הענט און איבערגעבען אים צו רוסען־פאטריאטען. אין די ערשטע פאר יאר פון פוילענס אומאפהענגיגקייט, נאך דער רעוואלוציע פון 1917, פרואווען דאסזעלבע טאן די פוילישע רעאקציאנערען־פאטריאטען; אבער אין ביידע פאלען איז דאך דער האנדעל, איבערהויפט דער אויסלענדישער, אריין־און־ארויספיר האנדעל נאך געגאנגען, אזוי צו זאגען, אונטער א א גוי'ס נאמען. פאקטיש איז ער אבער געבליבען אין דיזעלבע אידישע הענט. ס'איז פשוט דערפאר, ווייל דער האנדעל האט זיין זייער קאמפליצירטע פארצווייגונג און ספעציאליטעט, וואס ווערט ערווארבען אין א משך פון גאנצע דורות. דער אידישער האנדעלס־קלאס האט די סוחרישע ערפארונג בירושה פון א סך צענדליגע און אפילו הונדערטער יארען. צוליב דערזעלבער סבה האט די רוסישע סאוויעטען־רעגירונג געמוזט סוף כל סוף ערלויבען דעם פרייען האנדעל. ווייל נאציאנאליזירען דעם האנדעל קען מען ניט בלויז דורך א דעקרעט. דאס איז א פראצעס, וואס מוז גיין לאנגזאם, שטופענווייז און קען זיך איינווארצלען אין לעבען דורך סיסטעמאטישע ערציאונג פונ'ם פאלק אין א משך פון דורות.

די זעלבע ראלע, וואס אידען האבען געשפילט אין עקאנאמישען לעבען, אלס פארמיטלער צווישען מזרח און מערב־אייראפע, האבען זיי אויך געשפילט אינ'ם גייסטיגען, אינ'ם קולטורעלען לעבען. דער סוחרישער אידישער עלעמענט איז ביי אידען תמיד געווען דער פעאיגסטער און דער סאמע פארגעשריטענער. באזוכענדיג צוליב האנדעלס־אינטערעסען (און די קינדער פון דער אידישער בורזשואזיע צוליב בילדונג) די סאמע קולטורעלע צענטערם פון אייראפע, איז געווען אוממעגליך זיי זאלען ניט מאכען קיין פארגלייך צווישען דעם פאליטישען און קולטורעלען מצב פון רוסלאנד אין אייראפע, איבערהויפט דייטשלאנד. ס'איז געווען אוממעגליך, אז די יונגערע, די מער פריידענקענדע פון דער אידישער בורזשואזיע זאלען זיך ניט אנשטעקען מיט די פראגרעסיווע געדאנקען, מיט די נייע פאליטישע און סאציאלע טעאריעס פון דייטשלאנד, מיט וועלכער און דורך וועלכער ס'איז פאר די לעצטע הונדערט יאר' נעגאנגען דער אידישער האנדעל און געדאנקען־אויסטויש. מ'דארף געדענקען, אז פון אלע אייראפעאישע לענדער איז דייטשלאנד נאך גאר פון אמאל, געווען דאס לאנד, וואס האט געהאט, צוליב דעץ פסרוואנדשאפט און שפראך, צוליב דער זייער נאענטער שכנ'עשאפט, צוליב א רייע אנדערע וויכטיגע סבות, א גרויסע ווירקונג אויף דעם גייסט פון די רוסישע אידען. פון דייטשלאנד קומט די ערשטע גייסטיגע ערוואכונג פון די רוסישע אידען — די השכלה. פון דייטשלאנד קומט דער פראקטישער, פאליטישער ציוניזם (הערצל און נארדאו זיינען אפילו געבארען ביידע אין בודאפעסט, אונגארן, זיי זיינען אבער געווען דייטשע אידען און זייער ערציאונג און בילדונג איז געווען א דייטשע). ענדליך שטאמט פון דייטשלאנד דער סאציאליזם, ניט בלויז אלס טעאריע, אלס אידעאל, נאר אויך אלס פראקטישע פאליטישע און עקאנאמישע באוועגונג. די העבראישע, ווי די מאדערנע אידישע ליטעראטור, האט געצויגען איר גרעסטע השפעה פון דער דייטשער ליטעראטור. די דייטשע פאעזיע און פילאזאפיע האבען באגייסטערט און גענערט די נשמה און הארץ פון דער אידישער

אינטעליגענץ. די אידישע געשיכטע, קולטור־געשיכטע, ליטעראטור און פילאזאפיע האבען געהאט און האבען ביז היינטיגען טאג אין די דייטשע אידישע געלערטע זייערע בעסטע פארשטייער. פארקערט: אידען — די דייטשע אידען, האבען אן אומגעהייערע השפעה געהאט אויפ'ן פאליטישען, עקאנאמישען און קולטורעלען לעבען פון דייטשלאנד. אזוי, אז מ'קען זאגען אן א גוזמא, אז צווישען אלע ציוויליזירטע פעלקער פון אייראפע איז דאס דייטשע פאלק אם שטארקסטען צונויפגעקניפט מיט דעם אידישען פאלק. די עקאנאמישע און קולטורעלע השפעה און אפהענגיגקייט צווישען דעם אידישען און דייטשען פאלק לאזט זיך גאר ניט אפמעסטען און אפשאצען.

און ס'איז דעריבער גאנץ נאטירליך, וואס דער וועלטקריג, אין צענטער פון וועלכען ס'איז געווען דער קאמף צווישען דייטשלאנד און רוסלאנד, איז געווען א שווידערליכע קאטאסטראפע אינ'ם לעבען פונ'ם מיטעל־ און מזרח־אייראפעאישען אידענטום. איבערהויפט—פון די רוסישע און פוילישע אידען. זי האט געבראכט מיט זיך פאר'ן אידישען פאלק דעם גרעסטען חורבן, וואס די אידישע היסטאריע האט ווען ס'איז געוואוסט. א חוץ דאס אויסקוילענען פון הונדערטער טויזענטער אידען אין דער מלחמה און אירע נאכוויייעניישען — די שחיטות און פאגראמען — באשטייט דער אידישער אומגליק אין דעם, וואס דאס אידישע פאלק איז צעריסען אין די קליינע מדינה'לאך, וואס זיינען אנטשטאנען, אלס פועל יוצא פון דער מלחמה און דער רוסישער רעוואלוציע. דאס וואס איז א גליק פאר די באפרייטע פעלקער, איז פאר'ן אידישען פאלק אן אומגליק. די נייע גרעניצען צווישען די אויפגעקומענע שפאגעל־נייע מלוכות און מלוכה'לאך זיינען, אן א שום ספק, א גרויסער שטער פאר'ן פרידליכען האנדעל און פרייען קולטורעלען פארקער צווישען דייטשלאנד און רוסלאנד; צווישען אט די ביידע גרויסע מלוכות און די קליינע מדינות, וואס ליגען צווישען זיי. פאר דער מלחמה איז דאס אידישע פאלק געווען אונטער דער השפעה בלויז פון צוויי קולטורען — דער רוסישער און דער דייטשער. עס איז פאר דאס רוב אייראפעאישע אידען ניט שווער געווען צוצופאסען זיך צו אט די ביידע קולטורען. אויב די מאטעריעלע רוסישע קולטור, די פארמען פונ'ם רוסישען געזעלשאפטליכען און פאליטישען לעבען זיינען ניט געשטאנען הויך און האבען ניט געקענט האבען קיין באזונדער השפעה אויפ'ן אידישען קולטורעלען לעבען, דערפאר אבער האט די רוסישע גייסטיגע קולטור, איר ליטעראטור, געהאט אן אומגעהייערען ערציערישען איינפלוס אויף דער אידישער אינטעליגענץ, און דורך דער אינטעליגענץ אויף די אנטוויקעלטערע פון די מאסען. דאס צעריסען זיין איצט צווישען א גאנצע רייע לענדער מיט נידעריגע קולטורען, ווי צ .ב. עסטלאנד, לעטלאנד, ליטע, איז ניט בלויז א שטער פאר דעם אידישען עקאנאמישען לעבען, נאר אויך פאר זייער קולטורעלער אנטוויקלונג.

פאר די אידישע עקאנאמישע און קולטורעלע אינטערעסען איז אלזא פון דער גרעסטער וויכטיגקייט די צוריק־פאראייניגונג פון די מדינה'לאך, צווישען וועלכע זיי זיינען צעריסען. פון אט דעם שטאנדפונקט איז א געוויסער טייל פון דער בורזשואזער און קליינבירגערליכער אידישער אינטעליגענץ געווען פאר א בונד מיט דעניקינען, פעטליוראן, קאלטשאקען און אנדערע גענעראלען, וואס האבען געהאט בדעה אויפצושטעלען צוריק דעם צארישען רעזשים, ווידער אויפבויען איין גרויסען רוסלאנד, מיט די צענדלינגע קלענערע פעלקער אונטער איר יאך. די דאזיגע אידישע פריינד פון די פעטליוראס, דעניקינס און קאלטשאקס האבען ניט פארשטאנען, אז די ווידעראויפבויאונג פון א צארישען רוסלאנד וועט מוזען פארקומען אויף טייכען אידישע בלוט, און אז חוץ דעם איז אן אומזין פארצושטעלען זיך, אז דאס אידישע פאלק קען באקומען זיין רעכט און פרייהייט אין א לאנד, וואס איז געבויט אויף פארקנעכטונג און פארשקלאפונג פון אנדערע פעלקער.

פאר דעם וואס איז פעאיג אריינצוקוקען טיפער אין דער איצטיגער פאליטישער לאגע פון אייראפע און רוסלאנד, איז ניט שווער צו פארשטיין, אז די נייע צעטיילונג פון אייראפעס לאנדקארטע — די באפרייאונג פון די קלענערע פעלקער אין רוסלאנד און אייראפע פון אונטער דעם יאך פון די גרויסע וועלט־איינשלינגער, דאס צארישע רוסלאנד, קאיזערליכע דייטשלאנד און עסטרייך, איז געווען בלויז דער ערשטער שריט פון אן אמת'ער באפרייאונג און באנייאונג פון אייראפע. אז דאס מוז ברענגען צו דער פארווירקליכונג פון דעם אידעאל, צו וועלכען עס שטרעבט דער אייראפעאישער סאציאליזם — צו דער גרינדונג פון פאראייניגטע פרייע אייראפעאישע שטאטען. דער ווערסלאער אפמאך פון די עלאים איז געווען דער שלימזל'דיגער שווערד, וואס איז געהאנגען איבער די קעפ פון די באפרייטע אייראפעאישע נאציאנען. ער האט תמיד געדראט מיט מלחמה, גערייצט אין די באפרייטע לענדער און פעלקער בלוט־דורשטיגקייט, נקמה און שנאה. דער אפמאך צווישען סאוויעט־רוסלאנד און דייטשלאנד האט פארטריבען אט דעם דאמאקלעס־שווערד. דער רוסיש־דייטשער פרידענס־אפמאך איז פון איין זייט א גאראנטיע, אז די פריערדיגע דעספאטישע הערשאפט אין רוסלאנד און דייטשלאנד וועט מער ניט צוריקקומען. ער גאראנטירט, אינדירעקט, די זיכערקייט און פרייהייט פון די איינמאל באפרייטע קלענערע פעלקער א סך בעסער ווי דער ווערסאלער אפמאך. די ראנד־פעלקער פונ'ם פריערדיגען רוסלאנד וועלען זיך פילען זיכערער, וועלען זיי אנהייבען פארשטיין, אז זיי לוינט זיך בעסער זיין אין גוטע באציאונגען מיט דייטשלאנד און רוסלאנד, ווייל אלס טראנזיט־פונקטען אין דעם רוסיש־דייטשען האנדעל, לעקען זיי אפ א פעטען ביינדעל; אז מיט דעם דייטש־רוסישען פרידענס־אפמאך איז ענג פארבונדען זייער עקאנאמישער מצב. אזוי וועלען זיי ביסלעכווייז ארויס פון אונטער די עלאים אפוטרופסות. עס וועט אויף אזא אופן צוגעגרייט ווערען דער באדען פאר א גרויסער רוסישער פעדעראטיווער רעפובליק, וואו אלע פעלקער און לענדער, וואס האבען פריער באלאנגט צו רוסלאנד, געצוואונגען און פארשקלאפט, וועלען איצט צוריק קומען און אריין אין איר אלס פרייע מיטגלידער, פילענדיג אין סאוויעט־רוסלאנד א שוץ און א שטיצע, ווי קלענערע ברידער צו אן עלטערען ברודער.

די איצטיגע גרעניצען וועלען אפגעשאפט ווערען, אלס ניט נייטיגע מחיצות, וואס שטערען דעם פרייען עקאנאמישען און קולטורעלען פארקער צווישען פעלקער און לענדער. די אידען וועלען ווידער אמאל, און נאך מער ווי פריער, קענען זיין די ארבייטזאמע רירעוודיגע מוראשקעס, וואס טראגען פון איין לאנד אין דאס צווייטע די פראדוקטען פון דעם מענשענס פלייס און דעם פרידליכען מאטעריעלען און גייסטיגען שאפען.

---

# דער וואלף און די פאסטוכער

(נאך קרילאוו)

פון נחום י.

א וואלף, וואס האט זיך שטילערהייט
ארום דעם שעפסען־הויף ארומגעדרייט,
האט צוגעקוקט זיך וו ידי פאסטוכער אין איינעם
געשונדען האבען א באראן א שיינעם,
און אלע הינט ארום געלעגען זיינען שטיל
ניט געבענדיג קיין ביל.

און קנאקענדיג פון הונגער מיט די ציין
האט אונזער וואלף א זאג געטאן צו זיך אליין,
אוועקגייענדיג פארטראכט:
—וואס פאר א טומעל פריינד איר וואלט דאס דא געמאכט,—
זוי אייער טבע איז פון שטענדיג אן, —
ווען איך וואלט דאס געטאן . . .

# קינדער ליטעראַטור

פון ש. ניגער

## נייע לידער פאַר קינדער

עס זיינען אָנגעקומען פון פוילען דריי נייע זאַמלונגען פון לידער פאַר קינדער: א) י. ל. פּרץ: קינדער־לידער (פאַרלאַנג „קולטור־ליגע", וואַרשע, 1921); ב) משה בראָדערזאָן: . אַל'דאָס גוטס. מעשה'לאַך פאַר קינדער, אילוסטרירט דורך אַרטור שיק (פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע, 1922); י. דאָברושין: אַ זון מיט אַ רעגען, לידער (אַרויסגעגעבען דורך דער איד. צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע, ווילנע, 1921).

די ערשטע צוויי זאַמלונגען, פּרצ'ס און משה בראָדערזאָנס, זיינען — יעדע אויף איר אופן — אַ צירונג פאַר אונזער קינדער־ליטעראַטור, און זי מעג מיט זיי שטאָלצירען!

פּרצ'ס לידער זיינען פאַר קלענערע קינדער און זיינען מער צום זינגען, ווי צום לייענען (עס זיינען צו זיי אַלע דאָ נגונים.) פּרץ האָט אין אָנהייב פון דער מלחמה געהאָלפען שאַפען אין וואַרשע היימען פאַר די קליינע קינדער פון די אַנטלאָפענע און אַרויסגעשיקטע אידען. פאַר די קינדער, וואָס זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין די היימען, האָט ער געשאַפען די לידער. דאָס איז געווען קורץ פאַר זיין טויט. די לידער זיינען געווען דאָס לעצט וואָרט, וואָס פּרץ האָט געזאָגט אין דער אידישער ליטעראַטור. אָבער פּרצ'ס אַ לעצט וואָרט איז תמיד געווען אויך אַן ערשט וואָרט. יעדע נייע שאַפונג איז געווען ביי אים אַ נייער פאַזיס פון אַנטוויקלונג (אויב מען קאָן ריידען וועגען „אַנטוויקלונג" ביי פּרצ'ן). אין די קינדער־לידער האָט פּרץ — אפשר צום ערשטען מאָל פאַר זיין שאַפען — זיך אויסגעטאָן פון זיין איד. ער האָט גערערט מיט די קינדער אויף — קינדיש. ער האָט אַרויסגעוויזען אַ פעאינקייט, וועלכע איז ביז דאַן געווען ביי אים זייער, זייער זעלטען: — דאָס איז די פעאינקייט צו ריידען אָדער שרייבען אויף אַן אַנדערענס לשון. ער האָט (אין די „פאָלקסטימליכע געשיכטען") געפּרובט שרייבען אויפ'ן לשון פון פאָלק; אָבער דאָס איז געווען סטיליזאַציע. אין די קינדער־לידער איז דאָ קינדערשער סטיל.

אויף די גרינע צווייגעלאַך
וואַקסט אַ גאָלדען עפּעלע;
מאַך צו, מיין קינד, די אויגעלאַך —
אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע!

און אַזוי זיינען אַלע לידער, אַ חוץ אַ פאָר איינציגע פערזען, ניט אוממיטעלבאַר־נאַאיוו, דאָך קינדיש. קינדיש און—פּרצ'ש. פּרצ'ס צונויפגעפּרעסטקייט, פּרצ'ס קורצקייט:

ברייטעלע, ברייטעלע,
ברייטעלע קליין —
אַ ברייטעלע זאָל דאָך קיילעכדיג זיין!
און צינד
געשווינד
אין אייוועלע אריין!
געגנוג אין אייוועלע גזועסען:
— האָם־האָם־האָם!
אויפגעגעסען.

עס איז אַ שאָד, וואָס אייניגע גראַמען זיינען נאָר פאַר פוילישע קינדער: „קליין—זיין", „דערזעהט—שטייט" א.ד.ג.

משה בראָדערזאָנס לידער פאַר קינדער זיינען, להיפוך צו פּרצ'ס, לאַנג. ווי אין זיין גאַנצען שאַפען, איז אויך דאָ בראָדערזאָן ניט איינגעהאַלטען, ניט קאַרג אויף רייד. אָבער דאָס איז די ניט־איינגעהאַלטענקייט פון אַ יונג־אויפגעברויזטען כח, די צעגאָסענקייט פון אַ טייך אין פרילינג:—

שניי און טייך האָט זיך צעגאָסען,
אַלע קוואַלען אויפגעשלאָסען
מיט'ן גאָלדען־שטראַלען־שליסעל.
האָט די פרייד פון אַלץ גערונען,
און פון אַלע זיבען זונען —
פרייד אַ פולע שיסעל.

האָבען וועסערלאַך געזונגען,
האָבען וועלעכלאַך געשפּרונגען
נאָך און נאָך אַביסעל!

א. אז. וו. בראָדערזאָן באָדט זיך אין זיין אויפגעברויזטען, אָפט נאָר אויפגעבלעזעלטען אידיש; ווי אין ברייטע, נישט קיין טיפע, וואַסערען. ער דרייט זיך אויף איין אָרט, דרייט זיך אין אַ ראָד און מאַכט אַן אַ שוים, אַ גערויש; אָבער דער שוים איז אַן אמת'ער און אין דעם גערויש איז דאָ אימפּעט און פרישע יוגענטליכע שטיפערישקייט. פאַר קליינע קינדער איז די שפּראַך צו רייך, צו רוישיג; אָבער קינדער, וואָס זיינען שוין געוואוינט צו לייענען, וועלען הנאה האָבען פון איר פרישער פרילינגדינגער פאַנטאַנדערבליאונג און דער צעקלונגענקייט פון אירע ווערטער. אַ גרויסער וואָרט־אוצר, אַ שטיק שפּראַכליכע עשירות — דאָס איז די ערשטע זאַך, וואָס דער יונגער — און יעדער — לעזער וועט געפינען אין בראָדערזאָנס „אַל־דאָס גוטס". אָבער ער וועט געפינען דאָרט אויך בילדליכקייט — אמת, אַ ביסעל צעשוואומענע בילדליכקייט — און שפּייז פאַר זיין פאַנטאַזיע. עס זיינען דאָ אין בראָדערזאָנס קינדער־פּאָעמעס אייניגע נייע געשטאַלטען (צום ביישפּיל, די „בלויע פאַווע" אָדער דאָס לבנה־אינגעלע און „דאָס טעלערל פון הימעל") און אויך די געשטאַלטען, וואָס זיינען שוין לאַנג באַקאַנט אין קינדערלאַנד, האָט בראָדערזאָן באַנייט און אַזוי ווי אָפּגעפרישט, אַ שטייגער, אונזער אַלטער באַקאַנטער — „זיידע פראָסט". בראָדערזאָן האָט אים געגעבען אַן אייניקעל פאַר אַ באַלייטער, און ער האָט געקראָגען נאָר עפּיס אַ נייעם אויסזען:

אין אַ וואַטע שפּענצערל,
אין אַ וואַרעם קאַפּטער
גייט אַרום אַ טענצערל,
מיט די פיסלאַך קלאַפּט ער.

קלאַפּט ער אוים מיט פיסעלאַך
ניגעלאַך פון פריידען.
פירט ער ווינטער, פירט ער קעלט —
פירט ער אום זיין זיידען.

און דער ווייסער זיידע פראָסט
בלאָזט אין זיין טרומייטער.
הינקענדיג אויףביידע פיס,
היפּט ער און גייט ער.

גייט ער איבער וואַלד און פעלד,
איבער גראָז און גרעזער.
שפּרייזט דאָס אייניקעל מיט אים —
רויטעלט אַלע געזער.

און דער בייזער זקן־פראָסט
איז דערצו אַ גלעזער —
איז דערצו אַ נאַשער אויך:
מאַכען פון שנייען קעז ער.

גאָמעלקעס פון ערשטען שניי —
פרעסט פון אים דאָס וואַסער;
ווערען שנייען פון דעם פראָסט
איידעלער און בלאַסער . . .

א. אז. וו.

אין אייניגע פערזען אימיטירט בראָדערזאָן דעם סטיל פון נפּה־ר („דאַרף זיך טרעפען און אַנימעלט — און אַזוי ווי פרי־געקלונגען" אָדער: „אויף אַ בוים און אויף אַ דאָרען" —

דאָס „און“ איז נסתּר׳ס), אָבער בכלל איז דער סטיל זיין אײ־נענער. ער איז צעוואָרפען, צעשויבערט, אָבער — לעבעדיג און פריש.

דאָס קאָן מען ניט זאָגען וועגען דעם סטיל — און דעם עצם תּוך — פון י. דאָברושינס לידער פאַר קינדער. זיי זיינען אַלע — פון אָנהייב ביז׳ן סוף — געקינצעלט. די דערשיינונגען פון דער נאַטור זיינען אין זיי אַנטראָפּאָמאָרפיזירט, ד. ה. פאַרגעשטעלט אַזוי, ווי זיי זאָלען זיין דערשיינונגען פון מענשליכען לעבען. וואָלט עס נישט אויסגעמאַכט. דאָס ווערט אין דער פּאָעזיע אָפט זייער געטאָן, דערהויפּט אין דער קינדער־פּאָעזיע. אָבער דאָס מאַכט געוואוינטליך די נאַטור לעבעדיגער, און דאָברושין הרג׳עט זי אוועק דערמיט, וואָס ער ציט אויף איר אַרויף דאָס קלייד פון „פאַרמענשליכונג“, וויל ביי אים וואַקסט דאָס ניט אַרויס פון איר אַליין און איז ניט פאַר איר מאָס:

ס׳האָט דער הימעל נאַסע וואָלקענס אויסגעדרייט,
און זיי טריקענען געהאַנגען,
און די טראָפּענדלאַך פאַרזייט —
זיינען בלאָטעס אויפגעגאַנגען.

אָדער:

אַ נאַנצען טאָג האָט זון געברענט
און ניט געקענט
אונטערהייצען די הויך;
ערשט צו פאַרנאַכט איז אוועק אַ רויך —
ווערט אַ שמחה דאָרטען אויבען,
הערט מען טישען רוקען, הויבען,
און מען רודערט, און מען גרייט,
וואָלקענס—טישטיכער פאַרשפּרייט.
נאָכדעם זיפּט מען עפּיס דאָרט אין זיפּען
שטעלט אויך אונטער ערד אַ באַק,
טשמאָקעט מיט די נאַסע ליפּען —
רעגען איז אַזוי געשמאַק!

רעגען איז געשמאַק, אָבער די ערד, וואָס „שטעלט אונטער אַ באַק“ און דאָס גאַנץ ליד איז געשמאַקלאָז! דאָס איז אַזוי קלאָר, אַז עס איז גאָר אוממעגליך צו באַווייזען. איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי האָט די אידישע צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע פון ווילנע געקאָנט אַרויסגעבען אַזאַ ביכעל פאַר קינדער און נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט דערפאַר. דאָס גאַנץ ביכעל, אַ חוץ אפשר איין ליד („טרעפּען טרעפּט אויף פעלדער זאַנגען...“) איז פול מיט יענער אויסגעטראַכטער, אויסגעמוטשעטער אָרגינעלעכץ, וואָס איז ערגער פון דער ערגסטער באַנאַליטעט.

# סיפילים

פון דר. יוסף טענענבוים

סיפילים איז די שווערסטע פּלאָג, וואָס האָט געטראָפען דאָס מענשענגעשלעכט. די קאָנסעקווענצען פון דער קראַנקהייט זיינען נאָך געפערליכער דורך דעם, וואָס סיפילים באַלאַנגט צו דעם קלאַס פון „שעמעוודיגע“ קראַנקהייטען און עס איז ניטאָ אין דער מעדיצין קיין רפואה פאַר שעמען זיך. צו דעם איז נאָך די צרה, וואָס סיפילים איז מער פאַרברייט, ווי איינער שטעלט זיך פאָר, און עס זיינען פאַראַן גרויסע שטעט, וואו 20 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג ליידען פון דעם שרעקליכען מערדער, וואָס קוילעט אויס גאַנצע דורות.

אין פּאַריז זיינען 15 פּראָצענט פון דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג סיפיליטיש, אין לאָנדאָן — 12 פּראָצענט; אין אַמעריקע זיינען 10 פּראָצענט פון דער דערוואַקסענער מענליכער באַפעלקערונג אָנגעשטעקט. עס זיינען דאָ שטעט און געגענטען, וואו דער פּראָצענט איז אַ סך העכער.

סיפילים איז אַ קראַנקהייט פון ציוויליזאַציע, אַ ציוויליזירטע קראַנקהייט, וואָס אונזערע אָפיציעלע קולטור־פאַרשפּרייטער טראָגען מיט זיך מיט אין זייער קולטור־תּפילין־זעקעל, אין וועלכען לעבען „מאָראַל“ און רעליגיע מען געפינט שנאַפּס, אָפּיום, טובערקולאָז און סיפילים, וואָס ווערען פאַרזייט מיט דער ווערעמדיגער מאָראַל פון די קולטור־טרעגער צווישען די „ווילדע“ הפקר־פעלקער. צווישען אָט דער אומשולדיגער „באַקערטער און באַגליקטער“ באַפעלקערונג איז דער סיפילים־פּראָצענט זייער הויך, מחמת זייער אָרגאַניזם איז אומערפאַרען און ניט פאַרברייט, ווי דער אייראָפּעאישער זולל־וסובה, וואָס האָט זיך שוין געוואַלגערט אין אַלע בלאָטעס און גע׳טובל׳ט אין אַלע זומפּען.

סיפילים האָט אַ טשיקאַווע היסטאָריע.

שטאַמען שטאַמט ז׳ טאַקי פונ׳ם נייעם לאַנד, און עכ איז אַ סברה, אַז קאָלומבוס מיט זיינע מאַטראָזען האָבען אָט דעם „יענקי“ מיטגעבראַכט פון אַמעריקע און אים פאַרזעצט אין שפּאַניען, פון וואַנען עס האָט אים אַ מלחמה־כוואַליע פאַרטראָגען קיין פראַנקרייך און איטאַליען, פון וואַנען עס נעמט זיך דער אַלט־דייטשער און אידישער נאָמען: פראַנצויזישע, אָדער פראַנצאָוואַטע קראַנקהייט. יעדענפאַלס געפינען מיר פריער קיין זכר ניט פון סיפילים, און דער נאָמען סיפילים שטאַמט פון אַ פּאָעט, וועלכער איז באַגאַנגען די פּאָעטישע נאַרישקייט און געשריבען אַ פּאָעמע איבער דער קראַנקהייט. און אויב עס איז ווירקליך זיכער, אַז סיפילים שטאַמט פונ׳ם גאָלדען לאַנד — האָט די מענשהייט בלי־ספק באַצאָלט אַ הויכען פּרייז פאַר דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע.

וואו עס זאָל זיך ניט געפינען דאָס ווינגעלע פון סיפילים, האָט זי זיך אָבער אין משך פון די לעצטע פאָר יאָר אַזוי פאַרשפּרייט, אַז עס איז כמעט ניטאָ קיין ווינקעלע אויף דער וועלט, וואו די קראַנקהייט זאָל ניט האָבען אויפגעשלאָגען אירע געצעלטען.

ביז מיט אַ קורצער צייט זיינען מיר געווען בלינד אין דעם ענין פון דער סבה, וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער קראַנקהייט. ערשט אין יאָר 1905 איז געלונגען אַ דייטשען־פאָרשער אויסצוגעפינען דעם פּאַראַזיט, דעם „בלאַסען שרויפען־פּאַראַזיט“, אָדער דעם „ספּיראָכיט“, ווי מען רופט אים מיט׳ן וויסענשאַפטליכען נאָמען, וואָס איז מיקראָסקאָפּיש קליין און באַוועגט זיך אין אַ זיג־זאַג, ווי אַ שרויף. אָט דער פּאַראַזיט, וועלכען מען קען זען אונטער׳ן מיקראָסקאָפּ, ווען מען אונטערזוכט אַביסעל בלוטוואַסער פון אַ סיפיליטישער וואונד, ווי קליין און פּיצעלע ער זאָל ניט זיין, אַזוי ניפּטיג און געפערליך איז ער. ווייל אָט דער פּאַראַזיט איז אימפּעריאַליסטיש כמעט ווי אַ פּוילישער שליאַכטשיץ, וואָס די גאַנצע וועלט איז אים ווייניג, און אַזוי ווי אַ פּאָליאַק וואָלט גערן איינגעשלונגען די פאַראייניגטע שטאַטען אויף פרישטיק און אייראָפּע אויף מיטאָג, פאַרבראָקט מיט אַזיע און צוגעבראָטען מיט אַפריקע, אַזוי איז אויך דער ספּיראָכיט אומגעלומפּערט, און קוים איז ער אַריין אין אָרגאַניזם, פאַרמערט ער זיך אָן אַ שיעור און פאַרפלייצט דורך פאַרמיטלונג פונ׳ם בלוטשטראָם דעם גאַנצען קערפּער, איין טייל מער, דעם אַנדערע ווייניגער, היינט דאָ, מאָרגען דאָרט. אָט פאַרוואָס עס איז אַזוי שווער צו באַקעמפּען די קראַנקהייט. בעת די גאָנאָריי איז אַ לאָקאַלע קראַנקהייט, וואָס פאַראַלגעמיינערט זיך נאָר אין געוויסע שפּעטע פאַלען, איז די סיפילים כמעט פון אָנהייב אָן אַ בלוט־קראַנקהייט, וואָס שווימט אַרום אין בלוט און דרינגט אַריין מיט׳ן בלוט אין די חדרי־חדרים פונ׳ם גוף.

דער עולם מיינט, אַז סיפילים איז נאָר אַ הויט־קראַנקהייט. דאָס איז אַ טעות, וואָס האָט שוין אַ סך געקאָסט דאָס לעבען. די סיפילים, ווידערהאָלען מיר, איז אַ קראַנקהייט פונ׳ם גאַנצען קערפּער און די דערשיינונגען אויף דער הויט, איבער וועלכע מיר וועלען שרייבען שפּעטער, זיינען נאָר אַ טייל פון די קראַנקהאַפטע דערשיינונגען. דערפון איז ממילא נעדרונגען. אַז דאָס

פעלען פון די הויט־דערשיינונגען קענען ניט אויסשליסען סיפילים, און איך האָב די געלעגענהייט געהאַט צו זען אַ סך סיפיליטיקער, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז זיי זיינען קראַנק, ניט האָבענדיג קיין שום הויט־סימפּטאָמען. עס איז דעריבער זייער וויכטיג צו ענטפערען אַן אַנדער קשיא:

הכלל; ווי אַזוי זשע געפינט מען אויס צי איינער האָט סיפילים?

ביז מיט אַ קורצער צייט זיינער מיר אויך דאָ געווען שטאַרק הינטערשטעליג און עס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך צו זאָגען, אַז עמיצער האָט סיפילים, כאָטש זיין הויט איז ריין און עס פעלען אויך אַנדערע סימפּטאָמען.

ערשט זייט 16 יאָר, אַ דאַנק דער ערפינדונג, וואָס איז געלונגען אַ אידיש־דייטשען פאָרשער מיט'ן נאָמען וואַסערמאַן, זיינען מיר אין דער לאַגע כמעט מיט זיכערקייט צו אַנטשיידען אויב עמיצער האָט סיפילים, אָדער ניט. די מעטאָדע איז, ווי יעדע געניאַלע זאַך, איינפאַך און לאָגיש צו פאַרשטיין. מיר וועלען דאָ דעם גאַנצען פּראָצעס ניט באַשרייבען. דער פּרינציפּ דערפון איז, אַז אַזוי ווי דער „ספּיראָכיט" באַזעצט זיך אין קערפּער, הייבט אָן דער קערפּער זיך צו ווערען אַנטקעגען זיין גיפט און פּראָדוצירט זייער קאָמפּליצירטע געגענגיפטען, וואָס געפינען זיך אין בלוט און קענען מיט געוויסע מעטאָדען אויסגעפונען ווערען. יעדער, וועלכער האָט אַקטיווע סיפילים, האָט ממילא אָט די געגענקערפּער, און וואו מיר געפינען אין בלוט אָט די געגענקערפּער, זיינען מיר זיכער, אַז דער מענש האָט סיפילים.

אָט די אַנטדעקונג איז אַ גרויסער פאָרשריט פאַר דער מענשהייט, און די „וואַסערמאַן־טעסט", ווי מען רופט זי, איז איינע פון די גרעסטע און געניאַלסטע ערפינדונגען אין דער מעדיצין.

און אָט פאַרוואָס:

סיפילים איז ניט נאָר קיין אינדיווידועלע קראַנקהייט; זי איז אַ געזעלשאַפטליכע קראַנקהייט. אַ סיפיליטיקער מוז געמאַכט ווערען אומשעדליך, ווען ער איז אין דעם סטאַדיום, וואָס איז קלעפּעדיג, ווייל ער קען אָנשטעקען יעדען מענשען, מיט וועלכען ער קומט אין נאָענטער באַרירונג. אָט למשל נעמט אַזאַ פאַל: אין אַ רעסטאָראַן זיצט זיך אַ סיפיליטיקער און טרינקט אַ גלאָס טיי. אויסענווייניג מעג ער האָבען אַן אויסזען פון אַן אָנגעזעהענעם בירגער, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געהערט פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע און איז לאָיאַל ביז צום העכסטען גראַד פון לאַנגווייליגקייט. צו אַזאַ רעספּעקטאַבלען בירגער האָט יעדער צוטרויען. איר זעצט זיך אים אַנטקעגען און באַשטעלט אויך אַ גלאָז טיי. דער קעלנער נעמט דאָס אויסגעטרונקענע גלאָז פון אייער שכן, פאַרשפּריצט עס מיט אביסעל וואַסער (אויסוואַשען בלע"ז) און גיסט אייך אָן די טיי; איר באַצאָלט, גייט אַהיים, און אין דריי וואָכען האָט איר אַ שאַנקער אויף דער ליפּ. אָט דער פאַל פון אָנשטעקען זיך איז עקסטרעם, כאָטש ניט גאַנץ אַזוי זעלטען ווי עס דאַכט זיך.

אַן אַנדערען פאַל דערמאָנער איך מיך פון מיין פּראַקטיק:

אַ יונגער אינגעל פון 10 יאָר האָט געקראָגען אַ שאַנקער (דאָס ערשטע סיפיליטישע געשוויר ווערט אָנגערופען שאַנקער). די עלטערן זיינען געווען געזונט און מען האָט ניט געקענט אויסגעפינען דעם קוואַל פון דער אָנשטעקונג. ערשט דורך נאָכפרעגען און ריידען מיט גוטען האָב איך אויסגעפונען, אַז דער אינגעל פלעגט צו רויכערען די אַוועקגעוואָרפענע ציגאַרעטען־שפּיצלאַך פון זיין אָנקעל, וועלכער פלעגט צו זיין אַן אָפטער גאַסט אין דעם הויז. אַ וואַסערמאַן־טעסט האָט באַשטעטיגט, אַז דער אָנקעל איז געווען סיפיליטיש.

אָבער נאָך וויכטיגער איז די פראַגע פאַר דער חתונה. אַ סיפיליטיקער, אַזוי לאַנג ער איז ניט אויסגעהיילט, טאָר ניט חתונה האָבען, ווייל ער קען אָנשטעקען זיין ווייב און זיינע קינדער. געוויינליך האָט די נאַטור אַליין אַ מיטעל ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיגען. אַזאַ פּאָרעל איז געוויינליך קינדערלאָז, אָדער אַזאַ פרוי מפּיל'ט זייער אָפט אין די ערשטע חדשים, אויב זי ווערט מעוברת. ערגער זיינען די פאַלען, וואו קינדער ווערען אויסגעטראָגען און געבוירען מיט די שרעקליכסטע סימפּטאָמען פון אַ קערפּערליכען און גייסטיגען קריפּעל. מיר וועלען איבער די אַלע פאַלען רעדען. דאָ ווילען מיר נאָר באַטאָנען, אַז די וואַסערמאַן־טעסט, וואָס ווערט גענומען אין דער „באָרד און העלט" גאַנץ אומזיסט, גיט אַ תשובה פאַר יעדען יונגען מענשען וואָס רעכנט חתונה צו האָבען אויף דער ברענענדיגער פראַגע: צי בין איך געזונט און צי האָב איך דאָס מאָראַלישע רעכט חתונה צו האָבען? אַזאַ טעסט איז וויכטיג אויך פאַר אַזעלכע, וואָס ווייסען ניט פון קיין קראַנקהייט צו זאָגען, ווייל, ווי געזאָגט, ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו געפינען סיפיליטיקער, וואָס האָבען ערנסט און ערליך ניט געוואוסט אויב זיי זיינען קראַנק.

# אַ ליד פון זיג

פון י. ל. קאַלושינער

וועז קומען וועט מיין זיג
און וועט ווי אַ זון
באַשטראַלען די וועלט,
וועט איבער מיר
גוסס'ן דער געשריי
פון נעכטיגען גאָט.

געלייטערט וועט ווערען מיין האַרץ פון צער,
און געבוירען אַ ליד פון זיג.
און מיט דער פרייהייט אין מיין געדאַנק,
וועל איך באַזינגען מיין צווייטען געבורט
אויף דער וועלט.

# ביבליאָגראַפיע

אַלעקסאַנדער:

## וועגען יונג־שיקאַגאָ

„יונג־שיקאַגאָ“ איז אַ זאַמלונג לידער פון אַכט פאַרשידענע יונגע אידישע פּאָעטען, וואָס וואוינען אין שיקאַגאָ, און די דערשיינונג דאַרף באַגריסט ווערען פון יעדען, וועמען דאָס אידישע וואָרט איז טייער, און עס מאַכט ניט אויס, וואָס די לידער אינ׳ם זאַמעלבוך זיינען אַן און פאַר זיך נאָך ניט קיין ד ע ר ש י י נ ו נ ג, אָבער שיינע באַציאונג, ערליכער ווילען, און דאָ און דאָרט סמנים פון טאַלענט, זיינען פאַראַן; גיט עס אונז האָפענונג און גלויבען צו וואַרטען אויף אַ צווייטען זאַמעלבוך מיט זאַכען פון גרעסערען קינסטלערישען ווערט.

דער אינטערעסאַנטסטער אין בוך איז מתתיהו דייטש, כאָטש ער איז ווינציגער וואָרטמייסטער פאַר זיי אַלעמען. ער מאַכט דעם איינדרוק אַזוי ווי זיינע געדאַנקען וואָלטען אַלע ווערטער אין זיך אַריין פאַרשלונגען און נאַקעטע דרייען זיך אַרום און קאָנען אויף דער וועלט זיך ניט באַווייזען. דערפאַר איז בן־שלום אַ גאַנץ פלינקער ווערטערוואַרפער:

„אַ באַרג פון שטיין און גראַניט אויסגעגאָסען,
וואָס ציט זיך אויף ווייט־ברייטע ברויטקייטען פאַנאַנדער
און טראָגט זיך ווי געפליגעלט! —
אַלץ העכער
און העכער.
ווי עס וואָלט די שווערע וואָלקענס קוילרויך וועלען
דעריאַגען,
וואָס ווערט אויסגעהויכט פון די שטאָלענע הערצער פון
פאַבריקען

פון טויזענטער באַנען און שיפען,
וואָס קרייצען דורך דעם באַרג
פון שטיין און גראַניט —
שיקאַגאָ.
שיקאַגאָ.

גאַנץ וואויל, אָבער די ווערטער זיינען, ווי קאָלירלאָזער פּאַפּיר. קוקסט און קוקסט און זעסט גאָרניט. און אונזער אַלט־באַקאַנטער ל. גאָרעליק איז גאָרניט עלטער געוואָרען. די זעלבע קורצע מוסקולאָזע העַנט, ווי אַמאָל. די זעלבע פיר שורות׳דיגע געגראַמטע לידלאַך וועגען שיקאַגאָ, ווי אַמאָל וועגען אַנדערע שטעט:

ס׳איז דיין הימעל אַזוי גרויס און רויִיג
און די גאַסען שמוציגע און ברייטע;
שפילען קינדער זיך און טאַנצען אַ רעדעל
און נעבען זיי אַ קעצעל ליגט אַ טויטע.

ברוך גאָלדהאַרט און בעסי הערשפעלד זיינען די פאַרליבטע אין דעם זאַמעלבוך, און כדי דער לעזער זאָל ניט חושד זיין, אַז חלילה אויסער איינ׳ם אַנדערן וועלען מיר דערמאָנען, אַז גאָלדהאַרטס געליבטע איז אַ שוואַרץ־אויגיגע און בעסי הערשפעלד איז אַ זייער סימפּאַטישע שאַטינקע, און וואָס אַנבאַלאַנגט זייערע לידער זיינען זיי ביי אים שטורעמדיגע און ביי איר ליריש־פאַרטראַכטע. מאַטעל ל. בענקט נאָך דער פרוי אין איר גאַנצער נאַקעטקייט און כאָטש עס פילט זיך דאָ און דאָרט אמת׳ע אויפריכטיגקייט, ליגט זיך דאָך אָט די נאַקעטקייט שווער אויפ׳ן געמיט פונ׳ם לעזער. אַ פּאָר פיינע לידער געפינט מען ביי אַרטור עסעלין און יצחק אלחנן ראָנטש. ביי עסעלינען געפעלט מיר ספּעציעל די לעצטע צוויי לידער פון זיין סעריע „מיינע אָפּגעלעבטע טעג“ און „שאַנד“ און ביי ראָנטש׳ן גאַנצע רייע שורות פון פאַרשידענע לידער זיינע, און ווען מיר וועלען נאָך געבען אַ פּאָר קאָמפּלימענטען די קינסטלער זינגערמאַן, יאזעפוס און ספּעציעל דעם זייער טאַלאַנטפולען א. פּאַרטנאָוו פאַר זיינע שיינע צייכענונגען, וועלען מיר האָבען עפּעס וואָס געזאָגט וועגען דעם זאַמעלבוך: יונג־שיקאַגאָ.

---

י. שטיינבוים:

## דאָס קינד און דאָס הויז

(אין ענגליש) פון דר. בן־ציון ליבער, אַרויסגעגעבען פון „ראַציאָנאַל לעבען“ — ניו־יאָרק, 1922.

ערציען קינדער איז אי אַ וויסענשאַפט, אי אַ קונסט. פון איין זייט דאַרפען מיר וויסען די אַלגעמיינע געזעצען וועגען דעם קינדס פיזישער און גייסטיגער אַנטוויקלונג, און פון דער צווייטער זייט דאַרפען מיר פאַרמאָגען אַ היפשע מאָס קינסטלערישען טאַקט, כדי אויף אַ געהעריגען אופן אויסצואיבען אונזער איינפלוס אויף דעם אַנוואַקסענדיגען מענטש. און נאָר דאַמאָלסט ווען מיר פאַרשטייען די אַלגעמיינע געזעצען פון אַנטוויקלונג און פאַרמאָגען דעם קינסטלערישען טאַקט, קענען מיר באמת ערציען דעם יונגען דור.

ווי האַלט עס מיט דעם גרויסען עולם ערציער — וואָס ווייסען און פאַרשטייען די מיליאָנען טאַטעס און מאַמעס, אין וועמעס הענט עס ליגען די מיליאָנען קינדער? פאַרשטייען זיי די געזעצען פון דעם קינדס אַנטוויקלונג, פאַרמאָגען זיי טאַקט אין זייער אומגאַנג מיט די קינדער? דער ענטפער מוז זיין „ניין“, וואָס ס׳איז נוגע אפשר ניינציג פראָצענט פון דעם גרויסען עולם ערציער — די מיליאָנען טאַטעס און מאַמעס. ניט נאָר פאַרשטייען זיי ניט די ספּעציעלע געזעצען פון קינדער־ערציאונג, נאָר זייער ווייניג ווייסען אַפילו, אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע געזעצען. אין זייער יוגענט האָבען די איצטיגע טאַטעס און מאַמעס גאָרניט געלערנט וועגען זיי, און ווען אַ קינד ווערט ביי זיי געבאָרען, נעמען זיי אָנווענדען פאַר זיין ערציאונג אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגען פון דער נאַטור — גבורה איבער׳ן שוואַכען קינד. די ווילדע נאַטור לערנט זייער גוט ווי צו ערציען דאָס, וואָס מיר רופען „דעם ווילדען מענטשען“, די חיה, אָבער ניט אַ היינטיגען ציוויליזירטען מענטשען. די ציוויליזאַציע שטייט העכער פון דער נאַטור, און כדי צו ערציען אַ באַשעפעניש פאַר אַ ציוויליזירטער געזעלשאַפט, דאַרפען מיר זיך אַליין אויך שטעלען העכער פון די נאַטור־כחות, אָוועקגיין פון איר פיזישער קראַפט אַלס אַן איינציג מיטעל פון ערציאונג.

אָבער די גרעסטע מאַיאָריטעט פון עלטערן פאַרשטייען דאָס ניט און ביי יעדען קריזיס פון ערציען דאָס קינד נוצען זיי אויס זייער נאַטור־מיטעל — פיזישע קראַפט. דאָס קינד מוז טאָן, וואָס זיי ווילען, ווייל זיי זיינען שטאַרקער, ווייל זיי ווילען אַזוי.

און ס׳איז דערפאַר איינס פון די שווערסטע און קאָמפּליצירסטע פּראָבלעמען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, ווי אַזוי אויסצולערנען די עלטערן ערציען זייערע קינדער, און יעדער שריט, וואָס העלפט אין דער לייזונג פון דעם דאָזיגען פּראָבלעם, איז ווערט באַגריסט צו ווערען.

דר. ליבערס בוך „דאָס קינד און דאָס הויז“ שטעלט זיך דעם דערמאָנטען ציל. דאָס בוך באַגרעניצט זיך אויף דעם קינדס ערציאונג אין הויז און באַזונדערס אויף דער ערציאונג פון די קינדער פון ראַדיקאַלע עלטערן. ס׳איז אַ מאָדנע ערשיינונג, אַז יענע טיילען פון אונזער געזעלשאַפט, וואָס קעמפען צום שטאַרקסטען פאַר פרייהייט און קעגען וועלכער ס׳איז אונטערדריקונג, סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען און קאָמוניסטען, שיידען זיך מיט גאָרניט אָפּ פון די אַנדערע שיכטען, וואָס ס׳איז נוגע דער ערציאונג פון די קינדער. אונזערע פרייהייטקעמפער אין פרייהייט־קעמפער באַציען זיך פונקט אַזוי ווילד צו זייערע קינדער, ווי די וואָס באַרעכטיגען אונטערדריקונג. און ווי אַזוי קענען מיר ערוואַרטען, אַז די גרויסע מאַסע זאָל טאַקע אַמאָל זיין פריי אומעטום, מענטשליך פריי, אויב אונזער ערציאונג פאַרשקלאַפט זיי?

דר. ליבער גיט זיין ענטפער אין דער פאָרם פון אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען, וואָס אַנטהאַלטען ראַדיקאַלע און אולטראַ־ראַדיקאַלע מיינונגען וועגען ערציאונג אין דעם דערמאָנטען בוך און צילט, ווי געזאָגט, מיט זיין ענטפער, אין דעם חויז פון די ראַדיקאַלע עלטערן. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין פינף אָפּטיילען: (א) פונדאַמענטאַלע טעות׳ן, (ב) פּראַקטישע עצות, (ג) ביישפּילען פון לעבען, (ד) סעקסועלע אַנטוויקלונג און (ה) דעם קינדס געזונט.

אין דעם אָפּטייל „פונדאַמענטאַלע טעות׳ן“ גיט אונז דר. ליבער איבער די פילאָזאָפיע פון „ראַציאָנאַלער“ ערציאונג — די טאָערעטישע גרונדלאַגען פון די שפּעטערדיגע אָפּטיילען. אויף דער פראַגע: „וואָס דאַרף זיין די ראַציאָנאַלע ערציאונג פון אונזערע קינדער?“ ענטפערט דר. ליבער אומגעפער אַזוי: „לאָזט אייער קינד צורו. גיט אים אַלערליי מעגליכקייטען און ער וועט שוין דורכדעם אַליין געהעריג אַנטוויקעלט לעבען. אונטערדריקט ניט זיינע פאַרלאַנגען מיט דער גראָבער מאַכט; פאַרקערט, אַנטוויקעלט זיי, ווייל אין דער אַנטוויקלונג פון די דאָזיגע פאַרלאַנגען ליגט דעם קינדס גאַנצער כאַראַקטער און אינדיווידואַליטעט. קוקט אויפ׳ן קינד ווי אויף אַ פערזענליכקייט און ניט ווי אויף אַן אָביעקט, וואָס מוז אויספאָלגען אייערע „קאַפּריזען.“

אין דעם קאַפּיטעל „פּראַקטישע עצות“, פּרובירט דר. ליבער אָנווייזען די עלטערן דעם ריכטיגען דרך ביים ערציען דאָס קינד אין פּראַקטישע פאַלען. ער באַהאַנדעלט דאָ די גוטע און שלעכטע זייטען פון שפּילען, שלאָגען, עלטערנס הילף, קליידונג, צוואַנג, שטראָפען, און אַנדערע ערציאונג־פּראָבלעמען, מיט וועלכע די עלטערן באַגעגענען זיך טאָג־טעגליך. אין יעדען באַזונדערען פאַל גיט דער מחבר איבער די איצטיגע וועגען ביים פאַרענטפערען אַזעלכע פּראָבלעמען און ווייזט אָן אויף יענע אמת׳ע לייזונגען, וואָס נאָר זיי זיינען אין הסכם מיט דער ראַציאָנאַלער טעאָריע פון ערציאונג.

דאָס קאַפּיטעל „ביישפּילען פון לעבען“, חזר׳ט פּאַקטיש איבער אין אַ נייער פאָרם דאָס, וואָס דער מחבר האָט שוין פריער באַוויזען, און גיבען גאָרניט צו צו דעם פריערדיגען, חגם דער מחבר האָלט

(שלוס אויף זייט 56)

## פון מאָנאַט צו מאָנאַט

(שלוס פון זייט 4)

פאַן. צו אַזאַ קאָלאָסאַלער ארבעט מוז מאָביליזירט ווערען יעדער טוער, נאַציאָנאַלער אזוי גוט ווי לאָקאַלער, און ניט נאָר די טוער — יעדער מיטגליד פון א. ר., אַלטער, אָדער נייער, יונגער צי גראָער, רעכטער צי לינקער, מוזען העלפען דער גענעראַל־עקזעקוטיווע אין דער אונטערגענומענער ארבעט.

„עס איז אַן אוממעגליכקייט!" — וועלען אויסרופען די געשוואָרענע פעסימיסטען. — „אַ בלאָף!" — וועט אונטערמורמלען דער געוויינליכער ציניקער. אָבער די ריזיגע מיטגלידערשאַפט פון אונזער אָרדען ווייסט, אַז זי קען דאָס באַווייזען, אַז זי קען דאָס מאַכען פאַר אַ ווירקליכקייט.

טו לאָמיר גלייך מאַכען אַ גוטען אָנהייב! שוין, אין די היצען, אין די אומגינסטיגע מאָנאַטען. גלייך מוז זיך עפענען די קאַמפּאַניע, אַזוי אַז אין די קילערע מאָנאַטען זאָל שוין ברענגען די ארבעט אונטער די הענט.

* * *

**צום געצייג קאַמפּיין**

ענדליך האָט די רעליף־טעטיגקייט שוין אָנגעהויבען זיך נעמען אויף די אמת'ע וועגען פון רעקאָנסטרוקציע. די הענט פון די גרויסע מאַסען ארבעטענדע אידען האָבען זיך קיינמאָל ניט געשטרעקט צו א נדבה. זיי וואָלטען פריער אויך בעסער אָנגעכאַפּט זיך אָן דער האַרטער שער און אייזען, איידער אָן דעם ווייכען בעטעלברויט. די ערשטע שטופּען, אָבער, פון רעליף זיינען שטענדיג פּרימיטיווע, אומאָרגאַניזירט, און אָן א ווייטען בליק. מיר האָבען זיי שוין אונטער זיך און וואָס פריער מיר וועלען אָן זיי פאַרגעסען, אַלץ מער וועלען אונזערע ברידער, פון יענער זייט, אונז בענטשען.

איצט איז אין פולען גאַנג דער געצייג־קאַמפּיין. עס מוז געזאַמעלט ווערען אַ קאָלאָסאַלע סומע. מיר מוזען צושטעלען צו די אידישע און רוסישע ארבעטער אזוי פיל געצייג און פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווי נאָר מעגליך. און מיר קענען טאַקע טאָן זייער פיל. ווי מיר זיינען אַרומגעגורט מיט אַ שווערער, אומאויפהערליכער שנור פון סטרייקען, לאָקאַוטס און סלעק, ווי אונזער ארבעטסלאָזיגקייט זאָל ניט זיין גרויס און דער יקרות אומדערטרעגליך — קענען מיר נאָך קומען צו הילף די, וואָס ליידען מער פון אונז, טיפער פון אונז, און וואָס קוקען אויס זייערע אויגען אויף אונזער מיטגעפיל, אויף אונזער סאָלידאַריטעט.

וועלען מיר אָפּנאַרען אין דעם וויכטיגסטען מאָמענט די ערוואַרטונגען? וועלען מיר אנטוישען זייערע האָפענונגען? מיר ווייסען, אַז אונזערע צענדליגע טויזענטער מיטגלידער קענען ניט אנטוישען. אונזער טעטיגקייט פאַר'ן רעליף פאַר די לעצטע 7־8 יאָר איז געווען אַ גאָלדענע קייט פון איבערראַשונגען איבער איבערראַשונגען. מיר זיינען זיכער, אַז זי וועט פאַרגעזעצט ווערען.

אין ניו־יאָרק נעמען די עלטערע קינדער פון אונזערע שולען אַן אַקטיווען אנטייל אין די „טעג־דעים", וואָס די פּיפּעלס רעליף קאָם. אָרגאַניזירט פאַר דעם 7־טען און 8־טען יולי. מיר האָפען, אַז אונזערע שולען איבער'ן לאַנד וועלען נאָכטאָן דעם שיינעם ביישפּיל.

* * *

**וואו „גערעכטיגקייט" איז נידערטרעכטיג**

זיצען זיך זקנים, וואָס האָבען אַ גאַנץ לעבען שטודירט געזעץ, גערעכטיגקייט און יושר, רונצלען זיך גלאַטע, טיפע שטערנס, גריבלען זיך געשפּיצטע און שאַרפע קעפּ אין וואַשינגטאָן, אין „סופרים־קאָורט", און פּסק'ענען וואָס איז כשר און וואָס איז טריף.

מיר האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויס צוטרויען צו די, וואָס זיינען אוועקגעזעצט געוואָרען אין דעם העכסטען הויז פון משפּט, דורך דעם איינפלוס פון דעם הערשענדען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. מיר האָבען שוין פון אונזערע ערפאַרונגען געוואוסט, אַז די „דזשענטעל־לייט" שטייען שטאָל און אייזען פאַר די קאַפּיטאַליסטישע אינסטיטוציעס און פאַר דער הייליגקייט און אומבאַרירליכקייט פון פּריוואַט־אייגענטום, און מעג דאָס זיין געגען דעם אַבסאָלוטען יושר. מיר האָבען אָבער זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז אָט די קלאַסען־יוסטיץ זאָל דערפירט ווערען צו אַזאַ ציניִשער מדרגה, ווי זי איז לעצטענס דערגרייכט געוואָרען אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם נייעם „טשיף־דזשאַסטיס" און געוועזענעם פּרעזידענט טאַפט.

מיט עטליכע וואָכען צוריק איז דאָס גאַנצע לאַנד איבערראַשט געוואָרען הערענדיג, ווי דער סופרים־קאָורט האָט געפּסקנ'ט, אַז דער געזעץ, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען וועגען „קינדער־ארבעט", איז אומקאָנסטיטוציאָנעל. מ'מוז געדענקען, אַז דער קאָנגרעס איז דאָ אויך ניט געווען גוואַלטיג רעוואָלוציאָנער. עס האָט זיך נאָר געהאַנדעלט וועגען דעם, אַז עס זאָל ניט דערלויבט ווערען אריבערצופירען פון איין סטייט אין דעם אַנדערען סחורות, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרען פון מינדעריעריגע קינדער. דאָס איז ניט געווען קיין געזעץ, וואָס האָט אינגאַנצען פאַרבאָטען קינדער־ארבעט, נאָר וואָס האָט דאָס נאָר געפּרואווט אביסעל צו באַשרענקען.

אָבער די העכסטע מדרגה פון פיינטשאַפט צו די אָרגאַניזירטע ארבעטער האָט דער סופרים־קאָורט דערגרייכט מיט דער דערקלערונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, אַז יוניאָנס קענען ווערען אָנגעקלאָגט און זייערע קאַסעס קענען ווערען געברויכט צו באַצאָלען באַלעבאַטים, ביי וועמען עס גייט אָן אַ סטרייק פאַר די הזיקות, וואָס זיי האָבען צוליב דעם סטרייק.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז אַלע גרויסע נאַציאָנאַלע סטרייקס וועלען קענען גלייך דערשטיקט ווערען, אַזוי שנעל ווי עס וועט די באַלעבאַטים פּאַסען, פאַרקלאָגענדיג די יוניאָן פאַר הזיקות און איינהאַלטענדיג אירע פאָנדען, וואָס דאַרפען פאַרווענדט ווערען פאַר'ן סטרייק.

דאָס איז אַן אַרויסרוף צו אַלע אָרגאַניזירטע ארבעטער פון אַמעריקע. אויב עס זאָל גלייך ניט נעגעבען ווערען אַ געהעריגער ענטפער אויף דעם אַרויסרוף, וועט די חוצפה פון קאַפּיטאַל ערשט נעמען קלעטערען אַלץ העכער און העכער.

וועט שוין אַמווייניגסטענס איצט דער אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט אויפכאַפּען זיך פון זיין לאַנגען, האַרטען שלאָף און ווייזען זיין מאַכט?

# פרילינג

פון מאַטעס ל.

פון דער סעריע „בלומען פון מיין גאָרטען" פון מיין בוך „אָפענע טויערן"

דער פרילינג
האָט מיט ווייסען צווייג מיין קאַרשען־בוים באַקראַנצט —
אין פרילינג האָט איך דיר געטראָפען.
דער צווייג האָט פון דיין קאָפּ אַראָפּגעשמעקט,
די יונגע זון האָט פון דיינע אויגען אַרויסגעלויכטען.
דער זומער
האָט מיר קאַרשען רויטע געבראַכט.

האָב איך די קאַרשען פון מיין בוים געריסען,
איין קאַרש מיט דיר געביסען —
דו האָסט געלאַכט.
איך האָב די אויגען צוגעמאַכט,
גאָט געדאַנקט
פאַר זיין ליבען פרילינג
און שפּילעוודיגען זומער.

# פּראָטאָקאָלען

— פון דער —

# צוויי און צוואַנציגסטער קאָנווענשאָן פון א. ר. אין טאָראָנטאָ

## פון ערשטען ביזן זיבעטען מאַי, 1922

די 22־סטע קאָנווענשאָן פון ארבעטער־רינג ווערט ערעפענט זונטאָג, דעם 30־טען אפּריל, 1922, 2 אַ זייגער נאָכמיטאָג, אין מעסי האָל, טאָראָנטאָ, קענעדע. פר. פּ. פרומהאַרץ, טשערמאַן פון טאָראָנטאָ קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע, ערעפענט די קאָנווענשאָן, און צווישען אַנדערעס זאָגט ער:

„אייגענטליך האָבען נאָך די ברענטשעס און מיטגלידער פון טאָראָנטאָ זיך פאַר־אַ־יאָרען געגרייט צו דער קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אָבער צוליב דעם גרויסען זיג פון אַ. ר. אין מאַסאַטשוזעטס האָט טאָראָנטאָ געמוזט אָפּטרעטען דעם פּלאַץ פאַר באָסטאָן. אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער האָבען געדולדיג געוואַרט דעם גאַנצען יאָר אויף דער דאָזיגער קאָנווענשאָן און דערווייל זיך נאָך מער צוגעגרייט צו מאַכען די 22־סטע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אַזוי איינדרוקספול, אַזוי הערליך און אַזוי שיין, אַז דעלעגאַטען זאָלען געדענקען די קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין קענעדע. איך האָף, אַז די אַרבעט פון קאָנווענשאָן וועט געפירט ווערען אין האַרמאָנישען גייסט און דער אַ. ר. וועט נאָך דער קאָנווענשאָן זיין פונקט אַזוי שטאַרק און פאַראייניגט אין די אינערליכע רייען, ווי אין די פריערדיגע יאָרען.“

ער שטעלט דאַן פאָר פר. גוסקין, דעם טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

איידער דער טשערמאַן האַלט זיין ערעפענונגס־רעדע, זינגען די קינדער פון דער „ארבעטער־רינג פּרץ שול“ פון טאָראָנטאָ איינינע אידישע פאָלקס־לידער אונטער דער לייטונג פון ה. י. ריגעלהויפּט, געזאַנגס־לערער פון דער שול. דער קינדער־כאָר קריגט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען.

פר. ר. גוסקין פאַנגט אָן זיין ערעפענונגס־רעדע ווי פאָלגט:

„איר, דעלעגאַטען, פריינד פון אַ. ר. און געסט ביי דער הייניגער פאַרזאַמלונג, ווייסט גאַנץ גוט די צילען און אויפגאַבען, צוליב וועלכע דער אַ. ר. איז געגרינדעט געוואָרען.

איר זעט דאָס בילד, וואָס הענגט איבער דער בינע (ער ציינט אָן אויף דעם גרויסען דעקאָראַציע־בילד, וואָס פר. מנשה קיילער, דער מאַלער, האָט צוגעגרייט אויף דעם אויפטראַג פון דער קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע, וואו עס ווערט אויף אַ קינסטלערישען אופן אויסגעדריקט, אַז דער אַ. ר. פאַרקערפּערט אין זיך „בילדונג, סאָציאַליזם און זעלבסטהילף“), דאָס אַנטשפּרעכט ווירקליך די אידעען און די צילען פון אַ. ר.

דער אַ. ר., אָבוואָל ניט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אָבוואָל ניט קיין טרייד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, איז ער אָבער דאָך געווען און איז דער פונדאַמענט פון די אַנדערע צווייגען פון אונזער באַוועגונג. אין אַלע שטעט און שטעטלאַך, וואו עס האָט ניט עקזיסטירט קיין סאָציאַליסטישער ברענטש אָדער יוניאָן, זיינען אַזעלכע געגרינדעט געוואָרען נאָכדעם ווי דער אַ. ר. האָט דאָרט זיינע ברענטשעס געשאַפען. אויך אין טאָראָנטאָ האָט דאָס זעלביגע פּאַסירט. איידער די אַ. ר. ברענטשעס זיינען געשאַפען געוואָרען האָט טאָראָנטאָ ניט געהאַט, ניט קיין יוניאָנס און ניט קיין סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

אין 1910, ווען עס איז פאָרגעקומען דער גרויסער סטרייק פון די קלאָוקמאַכער, ווען עס איז פאַקטיש אויפגעבויט געוואָרען די גרויסע און מעכטיגע קלאָוקמאַכער יוניאָן, איז דער אַ. ר. געווען די איינציגע אידישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט גערופען אירע מיטגלידער צו באַפעסטיגען זיך אין דער יוניאָן. דער אַ. ר. האָט אַלע מאָל צוגעשטעלט אַמוניציע פאַר די מלחמות, וואָס זיינען געפירט געוואָרען פון דער אידישער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

אין דער צייט פון דעם שטאָל־אַרבעטער סטרייק האָבען די שטאָל־מאַגנאַטען, וועלכע זיינען די אייגענטימער און די גאַנצע בעלי־בתים פון די שטעט און שטעטלאַך, וואו עס געפינט זיך די שטאָל־אינדוסטריע, איינגעשוואָרען אַלס דעפּיוטי שעריפס אַלע געשעפטסלייט פון געגענט, די אַ. ר. מיטגלידער — אָבוואָל זיי איז אויסגעקומען דערפון מאַטעריעל צו ליידען, זיינען זיי געווען די איינציגע, וועלכע האָבען זיך אָנטזאָגט צו ווערען איינגעשוואָרען אַלס דעפּיוטי שעריפס, ווייל זיי האָבען פאַרשטאַנען, אַז זיי וועט אויסקומען צו אַרבעטען אין די אינטערעסען פון די קוילען־מאַגנאַטען און געגען די סטרייקענדע שטאָל־אַרבעטער.

וואָס אָנבאַלאַנגט געזעלשאַפטליכע אַרבעט, קען קיין אַנדער פראַ־ טוירנאַל אָרגאַניזאַציע זיך ניט פאַרגלייכען מיט דעם אַ. ר., אַפילו יענע אידישע אָרדענס, וועלכע זיינען גרעסער אין מיטגלידערשאַפט, וועלכע זיינען רייכער אין פאַרמעגען, און וועלכע זיינען עלטער פון אַ. ר. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט אין פאַרלויף פון די מלחמה־יאָרען איבערגעשיקט פאַר אונזערע מלחמה־ליידענדע ברידער און שוועסטער אַרום אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר. אין פאַרלויף פון יאָר, וואָס די הייניגע עקזעקוטיווע איז אין אַמט, איז איבערגעשיקט געוואָרען 40 טויזענט דאָלאַר פאַר די אידישע מלחמה קרבנות: 4 טויזענט דאָלאַר פאַר די קינדער־היימען אין פּוילען; פאַר 22 טויזענט דאָלאַר זיינען מעדיצינישע אַרטיקלען איבערגעשיקט געוואָרען דורך דעם אָפיס פון אַ. ר. דירעקט צום רוסישען רויטען־קרייץ אין מאָסקווע; די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט לעצטענס באַוויליגט 10 טויזענט דאָלאַר פאַר אידישע רעליף אין רוסלאַנד און די געלדער וועלען געברויכט ווערען פאַר שפּייז און קליידער פאַר אידישע קינדער־היימען אין רוסלאַנד. די געלדער זיינען געקליבען געוואָרען דירעקט דורך דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אָבער די סומע, וואָס אונזערע מיטגלידער האָבען ביישטייערט פאַר רעליף צו פאַרשידענע סאָסייעטיס און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אויסער דעם אַ. ר., איז זיכער אַ גאַנץ באַדייטענדע.

אויסער די אַלגעמיינע רעליף, האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו שאַפען אַ האָספּיטאַל אויסשטאַטונג פאַר רוסלאַנד און זען, אַז דער האָספּיטאַל זאָל טראָגען דעם נאָמען פון אַ. ר.

דער אַ. ר. האָט געשטיצט און וועט שטיצען די „האיאס“, די איינציגע וויכטיגע אידישע אינסטיטוציע, וועלכע העלפט פאַראייניגען אונז און אונזערע פריינד מיט אונזערע קרובים און נאָענטע, וועלכע אימיגרירען פון אייראָפּע קיין אַמעריקע אָדער קיין קענעדע.

אויך אין דער אַמנעסטיע באַוועגונג האָט דער אַ. ר. גענומען אַן אַקטיווען אַנטייל. אמת, צוזאַמען מיט אונז האָבען אויך אין דער באַוועגונג געאַרבעט די יוניאָנס און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אָבער מיר האָבען אַ גרויסען חלק אין דער באַפרייאונג פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע און הויפּטזעכליך זיינען מיר שטאָלץ דערמיט, וואָס מיר האָבען אַ חלק אין דער באַפרייאונג פון אונזער אַלעמענס באַליבטען גענאָסע און פירער, יודזשין וו. דעבס. (עטליכע אַפּלאָדיסמענטען).

אויף עדיוקיישאָנאַל אַרבעט האָבען מיר לעצטען יאָר אויסגעגעבען איבער 59 טויזענט דאָלאַר. איז דאָ נאָך אַ אידישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קען אָנצייגען, אַז זי האָט אויסגעגעבען אַזאַ באַדייטענדע סומע אויף קולטורעלער טעטיגקייט?

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע וועט צווישען אַנדערע רעקאָמענדאַציעס ברענגען צו דער דאָזיגער קאָנווענשאָן אַ רעקאָמענדאַציע וועגען גרינדען אַ היים פאַר די עלטערע מיטגלידער, און די קאָנווענשאָן וועט דער גאַנצער באַפעלקערונג.“ (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען.)

דער אַ. ר. עקזיסטירט שוין 22 יאָר. מיין אידעאַל איז, אַז אין 22 יאָר אַרום זאָל דער אַ. ר. ניט דאַרפען שאַפען קיין נייע אינסטיטוציעס, פאַר קראַנקען־בענעפיט אָדער טויטען־בענעפיט, נאָר ער זאָל דעמאָלסט בעסער איבערגעבען זיין גאַנצען פאַרמעגען און אַלע זיינע געשאַפענע אינסטיטוציעס צו דעם שטאַט, וועלכער וועט זיין אין די הענט פון די אַרבעטער, צו דעם סאָציאַליסטישען שטאַט, וועלכער וועט זאָרגען פאַר די אַלע נויטווענדיגקייטען און אַלע באַדערפעניסען פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.“ (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטען.)

פר. גוסקין בעט די פאַרזאַמעלטע אויפצושטיין, אַלס אויסדרוק פון ערע און טרויער אויף דעם פאַרלוסט פון די 311 מיטגלידער פון אַ. ר., וועלכע זיינען אין פאַרלויף פון יאָר געשטאָרבען. דער אַ. ר. ברעס בענד פון טאָראָנטאָ שפּילט דאַן אַ טרויער־מאַרטש.

פר. גוסקין נעמט פאָר נאָמינאַציע פאַר אַ צייטווייליגען פאָרזיצענדען פון דער ערשטער זיצונג און פר. י. ווייינבערג, פון בר. 2, ניו־יאָרק, ווערט איינשטימיג ערוויילט.

פר. ווייינבערג נעמט איבער דעם פאָרזיץ און מאַכט נאָמינאַציע פאַר אַ צייטווייליגען סעקרעטאַר. פר. ל. ראָטהמאַן, פון בר. 195, ניו־יאָרק, ווערט ערוויילט.

איידער פר. ווייינבערג שטעלט פאָר די רעדנער, האַלט ער אַ קורצע רעדע, אין וועלכער ער זאָגט:

„אין דער זעלבער צייט, ווען מיר האַלטען אַף אונזער קאָנווענשאָן.

ווערען אויך איצט געהאלטען צוויי אנדערע ארבעטער קאנווענשאנס: די קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט ווארקרס אוו אמעריקע און די קאנווענשאן פון די אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס. די אלע דריי גרויסע און מעכטיגע ארבעטער־ארגאניזאציעס וואלטען קיינמאל ניט געהאט אזא ערפאלג, ווען זיי וואלטען ניט געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעאלען פון סאציאליסטישען געדאנק.

יעדע אפטיילונג פון דער ארבעטער־באוועגונג האט דורכצומאכען אירע קאמפען. די יוניאנס פירען אן זייער קאמף אויף דעם עקאנאמישען געביט. דער א. ר. פארשפרייט זיין טעטיגקייט אויף דעם געביט פון זעלבסט־הילף, אויפקלערונג און קאאפעראציע און העלפט די קאמפען פון די אנדערע ארבעטער־ארגאניזאציעס.

דער א. ר. איז געווארען שטארק און איז ארויס גאנץ פון אלע זיינע קאמפען בלויז א דאנק דעם געפיל פון אייניגקייט, וואס האט געהערשט אין אונזערע רייען, און מיר קענען זיך ניט דערלויבען, אז אט די אייניגקייט, ־וועלכע איז געווען דער צעמענט פון אונזער בנין, זאל צו גרונד גיין בלויז צוליב מיינונגס־פארשידענהייטען.

אין א. ר. מוזען מיינונגס־פארשידענהייטען רעספעקטירט ווערען, געדולדעט ווערען, מען קען אבער ביי אונז מיט געוואלד ניט ארויפצווינגען קיין מיינונג, וועלכע איז געגען דער מאיאריטעט.

ניט ביי־דער ערפענונג פון קאנווענשאן איז דער פלאץ צו רעדען וועגען די פראגען, מיט וועלכע די קאנווענשאן וועט זיך באשעפטיגען. דאס וועט געטאן ווערען ביי אונזערע געשעפטס־זיצונגען. לאמיר האפען, אז אלע פראגען, וואס וועלען ארויפשווימען, וועלען פארהאנדעלט ווערען מיט טאקט, אינטעליגענץ און אין איינקלאנג מיט די צילען און שטרעבונגען פון אונזער ארגאניזאציע."

פר. וויינבערג שטעלט דאן פאר פאלגענדע רעדנער:

טשארלס אירווין, רעדאקטאר פון „קאל", זאגט טיילוויין:

„עס איז פאר מיר א באזונדער פארגעניגען צו באגריסען די קאנווענשאן פון א. ר. אייגענטליך באגרים איך אייך ניט אין נאמען פון דער „קאל", ווייל די „קאל" זיינט איר אליין. איך באגרים אייך אבער אין נאמען פון די צענדליגע טויזענטער לעזער פון אונזער צייטונג, וועלכע זיינען פריינד און קעמפער פאר דעם ארבעטער־אידעאל, וועלכער איז אויך אייער אידעאל. דער א. ר. איז דער רויטער־קרייץ פון אונזער באוועגונג. ניין! ער איז מער ווי דאס. ער איז אלע מאל געווען גרייט אין זיין הילף ניט בלויז צו שטיצען, נאר אויך צו פארשטארקען די אנדערע צווייגען פון דער ארבעטער־באוועגונג. ווען דער מאמענט וועט קומען און די ארבעטער וועלען זיך באפרייען פון זייער פאליטישער און עקאנאמישער שקלאפעריי, ווען זיי וועלען געבען די איצטיגע ארדענונג דעם לעצטען טויט־קלאפ, ווען אלע וועלען מארשירען פארווערטס צו פרייהייט — וועט איר, א. ר. מיטגלידער, זיין אין די פאדערשטע רייען."

מאקס פיין לייטעט אן אין זיין רעדע:

„מען מאכט פארוואורפען דעם א. ר., אז דער „פארווערטס", די געווערקשאפטען און דער א. ר. זיינען איין משפחה. די, וועלכע מאכען אט די פארוואורפען, מיינען, אז דאס איז א באליידיגונג, אבער איך זאג, אז דאס איז פאר אונז דער גרעסטער כבוד. די יוניאנס, דורך זייער קאמף צו פארקירצערען די ארבעטס־שטונדען און פארגרעסערען די שכירות, העלפען דאדורך פארמינדערען קראנקהייטען און אומגליקס־פאלען צווישען די ארבעטער. די יוניאנס העלפען אויף אזא אופן אינדירעקט, אז דער א. ר. זאל אויסצאלען ווייניגער קראנקען־בענעפיט צו זייערע מיטגלידער. ס'איז דערום נאטירליך, אז דער א. ר. זאל אויך העלפען די געווערקשאפטען און שטיין מיט זיי אין ענגער פארבינדונג. איך באגרים אייך אין נאמען פון די פאראייניגטע געווערקשאפטען פון ניו־יארק און ווינטש אייך, אז די קאנווענשאן זאל אויפטאן גרויסע ארבעט, וואס זאל ברענגען נוצען און זיין א שטאלץ ניט נאר פאר'ן א. ר., נאר אויך פאר דער אלגעמיינער אידישער ארבעטער־באוועגונג."

י. באסקין, גענעראל־סעקרעטאר, זאגט:

„ווען איך בין דאס ערשטע מאל געפארען אין קענעדע, האט מען מיך געווארענט, אז עס איז ביי אייך זייער קאלט. ווען איך בין אבער געקומען אין טאראנטא, האב איך געפונען ווארעמע הערצער, באגייסטערטע, איבערגעגעבענע טוער, ביי וועמען די אידעאלען פון א. ר. זיינען פונקט אזוי טייער, ווי ביי אונזערע מיטגלידער פון ניו־יארק, סאן־פראנציסקא און אנדערע טיילען פון די פאראייניגטע שטאטען. אין דעם ליגט דער מאגנעטיזם און דער וואונדער פון א. ר.

אין די 22 יאר פון זיין עקזיסטענץ האט דער א. ר. געלערנט זיינע מיטגלידער, אז ער איז ניט נאר אן ארגאניזאציע, וואס גיט שטיצע אין צייט פון נויט, נאר אז ער פארקערפערט אין זיך אויך די אידעאלען פון קאמף און סאציאליזם, אז ער פאראייניגט אין זיך אלע שטרעבונגען, אויף אלע געביטען פון דער ארבעטער־טעטיגקייט. דערמיט האט דער א. ר. ארויסגעצייגט, אז ער האט פארווירקליכט מער וויפיל זיינע גרינדער האבען זיך אליין פארגעשטעלט.

ווען מיר קומען היינטיגען יאר צו דער קאנווענשאן, האבען מיר זיך ניט וואס צו שעמען אפצוגעבען דין וחשבון פון אונזער טעטיגקייט, וועלכע איז שטרענג דורכגעדרונגען מיט דעם גרויסען גייסט, צו העלפען דער גאנצער ארבעטער־באוועגונג. מיר זיינען גרייט אויף די גרעסטע אפער צו בויען א שענערע און ליכטיגערע וועלט, ווייל די ארדענונג, אין וועלער מיר לעבען היינט, איז צעפוילט און דורכגעלעכערט און האט זיך ניט אויף וואס צו האלטען.

לאמיר האפען, אז די דאזיגע קאנווענשאן וועט העלפען אויסשמידען אט די גרויסע קייט, וועלכע זאל קענען באמת פאראייניגען אלע שיכטען, אלע ריכטונגען, אלע שטרעבונגען פון דער ארבעטער־באוועגונג, כדי צו קענען קעמפען געגען דעם אלגעמיינעם שונא. עס איז ניטא קיין צייט צו דעבאטירען, ווען דער שונא שטייט ביים טויער. פאראייניגט קומען מיר צו דער קאנווענשאן און פאראייניגט וועלען מיר צוריק קומען אין אונזערע ברענטשעס פאר ווייטערדיגער ארבעט." (שטארקע אפלאדיסמענטען.)

אב. קאהאן, רעדאקטאר פון „פארווערטס", ווערט אויפגענומען מיט שטורמישע אפלאדיסמענטען. ער זאגט:

„איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז איך וועל אייך דא האלטען נישט די רעדע, וואס איך האב צוגעגרייט. זיצענדיג דא ביי דער קאנווענשאן איז מיר איינגעפאלען א געדאנק, ווארום אייער ארדען טראגט דעם נאמען ארבעטער־רינג, און ווארום ער איז אזוי שנעל געוואקסען און איז געווארען אזא ריזיגע מאכט. צוערשט, ווען דער א. ר. וואלט זיך בלויז אפגעגעבען מיט דעם אידעאל, וואלט ער אזוי שטארק ניט אויסגעוואקסען. ריין גאלד קען זיך ניט האלטען צוזאמען אן פסולת. צום אידעאל האט מען געדארפט האבען א מאטעריעלען באדען. און אט די פאראייניגונג פון דער נשמה מיט דעם גוף, האט געמאכט דעם א. ר. צו זיין וואס ער איז. דער זעלבער פרינציפ מערקט זיך אין דער ארבעטער־באוועגונג איבער דער גאנצער וועלט. אין רוסלאנד האט די סאוויעט־רעגירונג אנגעהויבען איינפירען דעם סאציאליזם בלויז מיט אידעאלען, ניט רעכענענדיג זיך מיט די ווירקליכקייטען, און זי האט זיך אנגעשלאגען אויף פארשידענע שוועריגקייטען. ער פרייט מיך אבער צו זען, אז זיי ווערען נאך פראקטישער, אז בייגען זיך צו דער ווירקליכקייט. און איך בין זיכער, אז סוף כל סוף וועט זיי געלינגען איינצופירען דעם סאציאליזם אין ווירקליכען לעבען. ספעציעל דערפרייענד איז דער פאקט, וואס אפילו די פירער פון דריטען אינטערנאציאנאל, וועלכע האבען געשימפט און פארלוימדעט די גאנצע סאציאליסטישע באוועגונג, האבען זיך איצט געווענדעט מיט אן אפיל צו די ארבעטער פון דער וועלט, אז זיי זאלען זיך פאראייניגען. איך באגרים די פאראייניגונג פון אלע ארבעטער פון דער וועלט." (שטורמישע אפלאדיסמענטען.)

דר. א. סינגאלאפסקי, פארטרעטער פון דעם אידישען קאמיטעט „ראט" (אין רוסלאנד), באגריסט די קאנוועשאן אין נאמען פון דער קערפערשאפט. ער האט צווישען אנדערעס געזאגט:

„אין די יארען פון גרויסען אומגליק זיינען אייערע ברידער־געפילען אנגעקומען צו אונז. יעדער סענט, וואס איר האט געשיקט צו די נויטבאדערפטיגע קרובים, האבען מיר געזען צו פארטיילען מיט א ברידערליכען אחדות־געפיל. אין יעדער פעני האבען מיר געזען מיטגעפיל, וואס איז מגולגל געווארען אין מאטעריע. און מיר זיינען צופרידען געווען ניט נאר דערמיט, וואס עס איז פאראן א פלויצע זיך אנצושפארען אין אן עת צרה, נאר מיר האבען געקוקט אויף אייך מיט שטאלץ פאר יענער מענשליכקייט, וואס איר האט ארויסגעוויזען אין אזא גרויסער מאס צו אונז. איר זענט פאר אונז געווארען א צענטראלער לאגער פון פיזישער און מאראלישער קראפט. איך שפיר אין אייך יענע זיכערע רו, וואס שטעקט אין דער קראפט פון ארבעט. איך ווינש אייך, פריינד דעלעגאטען, אן ערפאלגרייכע קאנווענשאן."

וולאדימיר מעדעם באגריסט די קאנווענשאן אין נאמען פון „בונד". ער זאגט:

„איך באגרים אייך אין נאמען פון דער ארגאניזאציע, וועלכע האט געהאט אויפ'ן לעבען פון א. ר., אזוי גוט ווי אויף אנדערע אידישע ארבעטער־ארגאניזאציעס אין אמעריקע, א שטארקע ווירקונג. דער ענגער צוזאמענבונד צווישען דעם „בונד" אויף יענער זייט ים מיט די אידישע ארבעטער־ארגאניזאציעס דא, איז נויטווענדיג. דאס איז ניט נאר א פראגע פון סענטימענט, עס איז ניט בלויז א פראגע פון ערינערונגען. אזא צוזאמענבונד איז נייטיג פאר ביידע צדדים. ער רופט דעם א. ר. צו העלפען ארייברענגען אייניגקייט אין די רייען פון דער ארבעטער־באוועגונג. ער זאגט, אז די מאסען בענקען נאך אייניגקייט און די פירער דארפען פארשטיין אט דעם וואונש און דעם ווילען פון די מאסען.

די קאנווענשאן ווערט אויך באגריסט פון מר. גיבבינס, פון דעם טאראנטא סיטי קאנטראלער; דזשיימס סימפסאן, פארטרעטער פון טרייד און לייבאר קאונסיל אין טאראנטא; ווי אויך פון דער אינדעפענדענט לייבאר פארטי אוו קענעדע; פון פר. ריבא, פארטרעטער פון דער דזשאינט באָרד פון דער קלאוקמאכערס יוניאן; פון ראזענבלום, פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס, לאק. טאראנטא; פון זאלצבערג, פארטרעטער פון דער קעפ מייקערס יוניאן, לאק. טאראנטא.

י. ב. ביילין, רעדאקטאר פון „פריינד", באגריסט די קאנווענשאן און זאגט:

„איך קען לײדער ניט אינגאנצען מסכים זיין מיט אלץ, וואס

אונזער נאַציאָנאַלער טשערמאַן, פּר. גוסקין, האָט דאָ פאַר אייך געזאָגט. איבערהויפּט אין באַצוג צו בילדונג, בין איך ווייט פון דער אָפּטימיסטישער שטימונג, אַז מיר האָבען זייער פיל שוין אויפגעטאָן אויף דעם געביט. איך האַלט, אַז אונזער גאַנצע בילדונגס־אַרבעט איז ווי אַ טראָפּען אין אַטלאַנטיק לגבי דעם גרויסען הונגער אין וויסען און אויפקלערונג צווישען אונזערע צענדליגע טויזענטער מיטגלידער.

ניין, אין פאַרגלייך מיט אונזערע אַנדערע אויפטואונגען אויפ'ן געביט פון זעלבסטהילף האָבען מיר נאָך דעם אַ. ר. פאַר זיך, אין זין פון בילדונג, אַלס „קרקע בתולה", מיידעלשע ערד. מיר האָבען קוים אַנגערירט דעם באָדען מיט די שפּיצען פון אונזער אַקער־אייזען. פון דעם שטאַנדפּונקט שטייט פאַר אונזער איצטיגער קאָנווענשאַן אין טאָראָנטאָ צו פאַרנעמען זיך אויף אַ נייעם שליאַך. פון איין קאָנווענשאַן צו דער אַנדערער מעסטען די באַוואוסטזיניגע אינטעליגענטע כחות אין דעם אַ. ר. אונזערע אויפטואונגען מיט דער אַלגעמיינער סומע פון בילדונג, וואָס מיר האָבען דורכגעפירט דורכ'ן יאָר. מיר צאָלען פאַר'ן בילדונגס־פאָנד דריי סענט אַ קוואַרטאַל, אָדער איין סענט אַ חודש. וואָס איז דער וואונדער, וואָס נאָך אַלע אונזערע אַנשטרענגונגען איז אונזער בילדונגס־רעזולטאַט אַ גראָשענדיגער — אַ סענטיגער. מיר קענען דאָך מער ניט געבען, ווי דאָס וואָס מיר נעמען.

מיר לעבען אין אַ צייט, ווען די וועלט מאַכט גרויסע שפּרייזען אויף פאַרשידענע וועגען. די אַרבעטער האָבען נאָך קיינמאָל אַזויפיל ניט געליטען פון אומוויסענהייט, ווי אין דער איצטיגער צייט. און ווען זיי זעען, אַז עס פאַר זיי אַ לעבענסנויטווענדיגקייט, ווילען זיי מאַכען גרעסערע שפּרייזען אויף דעם געביט, ווי ביז איצט.

און ניט נאָר פאַר זיך בילדונג. אויך פאַר דעם קומענדיגען אויפוואַקסענדען דור האָט זיך דער באַוואוסטזיניגער אַרבעטער אַנגעהויבען צו זאָרגען. ער ווייסט, אַז אַן דער ערציאונג פון אונזערע קינדער הענגט אָפּ, אין אַ גרויסער מאָס, דער מאַרש פון דעם אַרבעטער־קלאַס צו באַפרייונג.

זאָל זשע די קאָנווענשאַן אונזערע אין טאָראָנטאָ, העכער ווי שטענדיג, אויפהייבען דעם פאַקעל פון ליכט, פון וויסען, פון בילדונג, און זי וועט געוויס ביי אונז פאַרבלייבען אַלס אַן עפּאָכע־מאַכענדע אין דער שיינער געשיכטע פון אונזערע גרויסען אָרדען."

אויף דעם פאָרשלאַג פון פּר. ס. וואָלאָס, ווערט באַשלאָסען, אַז דער טשערמאַן זאָל אַפּאָינטען אַ קרעדענשלע קאָמיטע פון 7.

פּר. וויינבערג באַשטימט פאָלגענדע אין דער קרעדענשעל קאָמיטע:

וואָליצקי, בר. 100, ניו־יאָרק.
זילבערשטיין, בר. 391, שיקאַגאָ.
בעצאהלער, בר. 42, ניו־יאָרק.
טאָמער, בר. 537, פילאַדעלפיע.
עבעריל, בר. 346, ניו־יאָרק.
קרינסקי, בר. 231, ניו־יאָרק.
אוערבאַך, בר. 23, ניו־יאָרק.

די ערעפענונג פון קאָנווענשאַן ווערט דאַן געשלאָסען.

---

## צווייטע זיצונג

מאָנטאָג, דעם 1־טען מאַי, 10 אַ זייגער מאָרגענס, ווערט פאָרגעזעצט די ערשטע זיצונג פון דער 22־סטער יערליכער קאָנווענשאַן מיט פּר. וויינבערג אַלס טשערמאַן. דער טשערמאַן אַנטשולדיגט זיך, וואָס דורך אַ טעות האָט ער ניט אויפגענומען ביי דער נעכטיגער זיצונג אַ פאָרשלאַג צו שיקען באַגריסונגס־טעלעגראַמען צו דער קאָנווענשאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און צו דער קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאָנאַל לייידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, וועלכע ווערען געהאַלטען אין קליוולאַנד. דער פאָרשלאַג ווערט איינשטימיג אָנגענומען און דער סעקרעטאַריאַט פון דער קאָנווענשאַן ווערט באַאויפטראָגט אַזעלכע טעלעגראַמען אָװעקצושיקען.

עס ווערט פאָרגעשטעלט פּר. ה. בלאָק, דער פאָרטרעטער פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי. ער באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דעם אַנשטאַלט. ער באַדאַנקט דעם אַ. ר. פאַר דאָס, וואָס מען האָט פאַר דער „האיאס" געטאָן אין דער פאַרגאַנגענהייט. ער צייגט אָן אין אַ קורצער רעדע די ערנסטע לאַגע, אין וועלכער דער „האיאס" געפינט זיך איצט. ער צייגט אָן, אַז צוליב די באַשרענקונגס־געזעצען פון אימיגראַציע, וועלכע זיינען שוין אָנגענומען געוואָרען אין אַמעריקע, און מעגליכע געזעצען, וועלכע ליגען איצט פאַר אין קאָנגרעס, קומט זיי איצט אויס צו טאָן זייער פיל אַרבעט, וועלכע איז פאַרבונדען מיט גרויסען הוצאות. ער מאַכט דארום אַ וואַרימען אַפּיל פאַר געלט־שטיצע.

פּר. אַשפּיז באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג. ער זאָגט, אַז דער אַ. ר. און זיינע ברענטשעס האָבען אַלע מאָל געשטיצט און כמעט אויפגעהאַלטען די נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג, איצט אָבער, מער ווי פריער, איז נייטיג אָנצושטרענגען זיך און זען אַז אַלע אַרבעטער זאָלען קאָנען אליין ווערען בירגער פון לאַנד און ניט דאַרפען אָנקומען פאַר טובות צו פרעמדע, ספּעציעל אין דער איצטיגער צייט, ווען מ'קען ערוואַרטען גרויסע געזעצליכע שוועריגקייטען פאַר אויסלענדער צו ווערען בירגער. ער צייגט אָן אויף דער אַרבעט פון דער נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג פאַר דער לעצטער צייט, וואָס זיי האָבען געהאָלפען ארום 20 טויזענט אַרבעטער צו ווערען בירגער פון לאַנד. ער אַפּעלירט פאַר געלט־שטיצע און ער באַגריסט די קאָנווענשאַן אין נאָמען פון דער נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג.

א פאָרשלאַג ווערט געמאַכט און איינשטימיג אָנגענומען צו שיקען אַ טעלעגראַמע צו יודזשין וו. דעבס, וועלכער האָט צוליב זיין קראַנקהייט ניט געקענט קומען פערזענליך באַגריסען די אַ. ר. קאָנווענשאַן.

פּר. גליבטער, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר פון אַ. ר., באַגריסט די קאָנווענשאַן און ווערט אויפגענומען מיט שטורעמדיגע אַפּלאָדיסמענטען. ער זאָגט:

„עס איז אמת, אַז פאַרענדיג אין קענעדע, אַ פרעמד לאַנד, האָב איך זיך געמוזט צוגרייטען מיט אָפיציעלע פּאַספּאָרטען און דאָקומענטען. דאָס איז אָבער בלויז געווען פאַר די גרענעץ באַאַמטע. מיינע אמת'ע פּאָליטישע פּאַספּאָרטען ברענג איך דאָ מיט זיך. טאָראָנטאָ, זאָגט מען, איז אַ „לינקע" שטאָט און דערום דאַרף איך זיך מיט מיינע פּאַספּאָרטען ניט שעמען. מען זאָגט אויף מיר, אַז אין מיין אַרבעט אין אַ. ר. בין איך קאָנסערוואַטיוו, ביז אַ געוויסען גראַד איז דאָס זיכער אמת, ווייל איך גלויב, אַז אין אַ. ר. איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען און אַלץ קען אויף אַן אַנשטענדיגען אופן דיסקוטירט און פאַרהאַנדעלט ווערען. מיר האָבען אין אַ. ר. אַלע מאָל פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען ניט קיין דורכאויס פּאָליטישע אָדער טרייד־יוניאָניסטישע אָרגאַניזאַציע. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט אַלעמאָל געדולדעט מיינונגס־פאַרשידענהייטען און זיך אַלעמאָל צוגעפּאַסט צו די באַדערפעניששען פון דער צייט. עס איז אמת, אַז דער האַל איז נאָך ניט דעקאָרירט אין גאַנצען מיט רויטע פאָנען, ווייל ס'זיינען נאָך דאָ שפּורען פון דער מלחמה־צייט. אין ניו־יאָרק וואָלט מען אַזוי פיל רויטע פאָנען, ווי דאָ, אייך אויך ניט דערלויבט, און דאָך זיינען מיר שטאָלץ דערמיט, וואָס די רויטע פאָן פון גלויבען און צוטרוי צו דער אַרבעטער־זאַך ברענט אין אונזערע הערצער. די פאָן פון פּרינציפּען, געשריבענע און ניט געשריבענע, זיינען טיף איינגעקריצט אין אונזערע הערצער. מיר פאַרמאָגען אַ ברייטע, שיינע נשמה, און נשמות קען מען ניט טויטען. און דערפאַר האָבען די אַקטיווע טוער, וועלכע שטייען ביים רודער פון אַ. ר., געטריי און ערליך אָפּגעהיט די פּרינציפּען פון אַ. ר."

עס ווערט פאָרגענומען דער באַריכט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע.

וואָליצקי, טשערמאַן פון דער קרעדענשעל קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די קרעדענשעל קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט אים אַלס טשערמאַן און פּר. בעצאהלער פון ניו־יאָרק אַלס סעקרעטער. די קרעדענשעל קאָמיטע האָט אונטערזוכט אַלע קרעדענשעלס גאַנץ פאָרזיכטיג און אַלע קרעדענשעלס זיינען כשר. וועגען איין דעלעגאַציע אין באָפאַלאָ איז דאָ אַ פּראָטעסט, און דערום זיינען פאַר אונז ערשינען פון יענער שטאָט צוויי דעלעגאַטען. די געשיכטע אין קורצען איז פאָלגענדע: בר. 29 פון באָפאַלאָ האָט ספּעציעל געשיקט אַ קאָמיטע צו דער קאָנווענשאַן אַפּעלירען, אַז דער ערוויילטער דעלעגאַט, פּר. בעם, זאָל ניט אָנערקענט ווערען אַלס דעלעגאַט, ווייל די אַרט און ווייזע ווי אַזוי ער איז ערוויילט געוואָרען איז געווען זייער ניט קיין אַנשטענדיגע. די מעטאָדען, וועלכע זיינען באַנוצט געוואָרען אין זיין ערוויילונג, זיינען געווען ווייט פון דעם גייסט פון אַ. ר. נאָכדעם ווי מיר האָבען אויסגעהערט ביידע דעלעגאַטען, רעקאָמענדירען מיר צוצולאָזען דעם באָפאַלער דעלעגאַט בלויז דערפאַר, ווייל טעכניש איז ער דער געזעצליך ערוויילטער דעלעגאַט. מיר רעקאָמענדירען אָבער, אַז די רעזאָלוציע, וועלכע איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען ביי בר. 29 פון באָפאַלאָ און וועלכער איז דער גרעסטער ברענטש אין יענעם דיסטריקט — אַנבאָרגאָ, ווילען מיר אויך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז בר. 29 האָט איינגאַנצען ניט גענומען קיין אַנטייל אין דער שטימונג פון דעם רעפערענדום — זאָל פאַר דער קאָנווענשאַן פאָרגעלעזען ווערען און עס בלייבט פאַר די דעלעגאַטען צו באַשטימען וועגען דער פאַרהאַנדלונג פון יענער טעריטאָריע. דער סך־הכל פון די דעלעגאַטען פון אַלע טעריטאָריען איז 164 ערוויילטע דעלעגאַטען, פון פאַרשידענע טעריטאָריעס, וועלכע מיר רעקאָמענדירען צו־

צולאזען. עס זיינען אויך פארטראטען 7 פארשטייער פון פארשידענע קאמיטעס פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו, 1 פארטרעטער פון דער נאציאנאלער בארד אוו דירעקטארען, 2 פון מעדיקאל אדוויזארי בארד, 2 פון סעמעטערי דעפארטמענט און 1 דעלעגאט פון דעם א. ר. שולען צוזאמענפאר, וועלכער איז לעצטענס אפגעהאלטען געווארען אין פילאדעלפיע, פא. מיר רעקאמענדירען אלע צוצולאזען. — דער רעפארט ווערט איינשטימיג גוטגעהייסען.

אין דעם פאל פון באפאלא, נאכדעם ווי דער בריף ווערט פארגעלעזען פאר דער קאנווענשאן, ווערט באשלאסען פאלגענדעס: די קאנווענשאן באדויערט די ארט און וויזע ווי אזוי די וואלען זיינען דארט צוגעגאנגען. די מיטלען, וועלכע זיינען דארט אנגעווענדט געווארען, זיינען זייער ניט שיין און פאסענד פאר'ן א. ר. פערזאנען האבען זיך זאגאר באנוצט מיט דער הילף פון אן אקטיווען מיטגליד פונ'ם אינדעפענדענט א. ר., וועלכער איז גלייכצייטיג א מיטגליד אין א. ר. נעמענדיג אבער אין אנבאטראכט, וואס א דאנק דעם וואס בר. 29 האט אינ'ם פראטעסט זיך ניט באטייליגט אין די וואלען און דורך דעם נעמליך מעגליך געמאכט די ערוויילונג פון דעם דעלעגאט, באשליסט די קאנווענשאן אים צוצולאזען מיט באדויערען.

עס ווערט באשלאסען צו פארעפענטליכען אין די פראטאקאלען פון קאנווענשאן דעם צושריפט פון בר. 29, וועלכער לעזט זיך ווי פאלגט:

באפאלא, דעם 13־טען מערץ, 1922.

קרעדענשעל קאמיטע פון קאנווענשאן.

ווערטע פריינד:

ביי א ספעציעלען מיטינג פון א. ר. אין באפאלא, פארטראטען פון בר. 29 און מיטגלידער פון בר. 192, אפגעהאלטען אין לייבארר לייסעאום, זונטאג דעם 12־טען מערץ, ווערט איינשטימיג באשלאסען אנצונעמען די פאלגענדע רעזאלוציע און דיזעלבע איבערצושיקען צו דער אויבענדערמאנטער קאמיטע:

1) נעמענדיג אין אכט, אז אזוי שנעל ווי עס איז באקאנט געווארען אז די באפאלא ברענטשעס זיינען בארעכטיגט צו איין דעלעגאט צו דער קאנווענשאן, האבען די „לינקע" גלייך געלאזט וויסען, אז זיי האבען שוין באשטימט ביי א מיטינג פון דער ווארקערס פארטיי, אז נ. בעס און ס. סמילאנסקי זאלען זיין אויפ'ן רעפערענדום באלאט, און אן אונטערשיד ווער פון זיי עס ווערט ערוויילט — פארען צו דער קאנווענשאן וועט נ. בעס.

2) נעמענדיג אין אכט, אז אפיציעלע מענשען פון די „לינקע" זיינען געקומען אנפרעגען דעם קאנדידאט פון בר. 29, צי ער נעמט זיך אונטער צו ארבעטען ביי דער קאנווענשאן, אז, ערשטענס, זאל די צייטונג, וועלכע די לינקע ווילען ארויסגעבען, אנערקענט ווערען, און צווייטענס, געשטיצט ווערען מיט 10 טויזענט דאלאר, און ווען ער האט געענטפערט, אז אויב ער וועט ערוויילט ווערען וועט ער ארבעטען פאר די אינטערעסען פון א. ר. און ניט פאר קיין קלייזעל־פאליטיק, האבען זיי אים פארזיכערט, אז ער וועט זאגאר ניט ארויפגעלאזען ווערען אויף דעם באלאט.

3) נעמענדיג אין אכט, אז ביי דעם מיטינג פון בר. 192, ווען עס זיינען געמאכט געווארען נאמינעישאנס פאר א דעלעגאט, איז דער מיטינג טעראריזירט געווארען אויף אלע וועגען און ביים ציילען די שטימען האבען די לינקע געהאקט איבער די הענט פון די, וועלכע האבען געשטימט געגען נ. בעס און אזוי ארום זיינען זייערע שטימען ניט געציילט געווארען, פאלגליך האט בעס געקראגען 2 שטימען מער פון י. גאלעמבא, וועלכער איז אימער געשטאנען פאר דער גאנצקייט פון א. ר.

4) נעמענדיג אין אכט, אז ביי דער טעריטארילער קאנפערענץ, ווען עס איז געקומען צו דער פראגע ווער עס זאל זיין אויף דעם באלאט, פארלעזענדיג דעם צושריפט פון גענעראל־אפיס, איז געפונען געווארען, אז מ. געווירצמאן איז דער נאמינירטער פון בר. 29 און נ. בעס פון בר. 192, האט סמילאנסקי, פון בר. 878, דערקלערט, אז זיין ברענטש האט אים נאמינירט אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשאן, נאר ווי עס וויזט אויס, האט דער אפיס אים אבזיכטליך אויסגעלאזען. פאלגליך פאדערט ער, אז מען זאל אים אנערקענען ביי דער קאנפערענץ. א דעלעגאט מאכט דאן א פארשלאג, אז אזוי ווי די קאנפערענץ האט א רעכט און דארף האנדלען איבער דער פראגע, זאל סמילאנסקי צוגעלאזען ווערען צו דער קאנפערענץ, אבער ניט אלס נאמינירטער צו דער קאנווענשאן, ביז עס ווערט אונטערשטיצט, מאכט דאן בעס אן אמענדמענט, אז סמילאנסקי זאל צוגעלאזען ווערען צו דער קאנפערענץ, אויך אלס דעלעגאט צו דער קאנווענשאן און סמילאנסקי שטיצט זיך זעלבסט אונטער. זייענדיג 4 דעלעגאטען ביי דער קאנפערענץ, באשליסט דער טשערמאן, וועלכער איז דער 5־טער, אז סמילאנסקי האט א רעכט זיך זעלבסט אונטערשטיצען און זיי שטעלען דאן ארויף נ. בעס און סמילאנסקי אויף דעם באלאט.

5) נעמענדיג אין אכט, אז פון אנפאנג ביז דעם שלוס האבען די „לינקע" טעראריזירט די נאמינעישאן מיט דער הילף פון מיטגלידער פון אינדעפענדענט א. ר., וועלכע זוכען אימער צו שעדיגען די אינטערעסען פון א. ר. אין באפאלא.

6) נעמענדיג אין אכט, אז סמילאנסקי איז טשערמאן אין בר. 90 אינדעפענדענט א. ר. און ארבעט אימער געגען דעם גייסט פון א. ר., ווערט איינשטימיג באשלאסען צו איגנארירען ביידע; נ. בעס און סמילאנסקי, און אויף זייער פלאץ ווערט ערוויילט מ. געווירצמאן, פון בר. 29, אלס דעלעגאט, און וו. גאלעמבא, פון בר. 192, אלס סאבסטיטוט.

פר. וואליצקי באריכטעט, אז זיי האבען באשלאסען: 1) די זיצונגען זאלען זיך אנפאנגען 9.30 און זיך שליסען 1 מיטאג; די נאכמיטאגדיגע זיצונגען זאלען זיך אנפאנגען 2 און שליסען 6 א זייגער אין אווענט. 2) אז די פארטרעטער פון די פארשידענע ארגאניזאציעס, וועלכע קומען באגריסען אדער אפעלירען פאר שטיצע, זאל נעגעבען ווערען ניט מער ווי 5 מינוט צייט צו רעדען.

עס ווערט דאן ערוויילט פר. לעמבערט פון שיקאגא אלס טשערמאן פון דער צווייטער זיצונג און דזשאסאן פון ברוקלין אלס וויס־טשערמאן. דער טשערמאן עפענט אפיציעל די צווייטע זיצונג פון דער 22־סטער יערליכער קאנווענשאן און מאכט נאמינעישאן פאר א סעקרעטאריאט פון 3 פאר דער גאנצער צייט פון קאנווענשאן.

פאלגענדע ווערען ערוויילט: ראבערטס, פון בר. 291; איוועבסקי, פון בר. 194, און פישמאן, פון בר. 555.

דער טעמפארארי סעקרעטער פר. ל. ראטהמאן לעזט פאר דעם פראטאקאל פון דער ערעפענונגס זיצונג. דער פראטאקאל ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערען פארגענומען נאמינעישאנס פאר א דיסטריביושאן קאמיטע. עס ווערט באשלאסען, אז די קאמיטע זאל באשטיין פון 15 דעלעגאטען און די אפשטימונג זאל פארקומען ביי דער נאכמיטאגדיגער זיצונג.

נאכדעם ווי פר. ביכאווסקי פון פילאדעלפיע ווערט ערוויילט אלס טשערמאן פאר דער נעקסטער זיצונג, ווערט די צווייטע זיצונג געשלאסען.

---

## דריטע זיצונג

די דריטע זיצונג פון א. ר. קאנווענשאן הייבט זיך אן מאנטאג דעם 1־טען מאי, 2 א זייגער נאכמיטאג. ב. ביכאווסקי, בר. 12, פילאדעלפיע, טשערמאן; י. פארניק, בר. 149, וויס־טשערמאן.

עס ווערען פארגענומען נאמינעישאן און וואהל פאר א דיסטריביושאן קאמיטע און פאלגענדע ווערען ערוויילט:

ל. גינזבורג, פון בר. 1, ניו־יארק.
בלאק, פון בר. 99, ניו־יארק.
דזש. ראטהמאן, פון בר. 49, ניו־יארק.
ל. בערמאן, פון בר. 560, ניו־יארק.
ס. פינקעלשטיין, פון בר. 252, שיקאגא.
א. לאנגער, פון בר. 528, ניו־יארק.
מ. רייס, פון בר. 17, ניו־הייווען.
ס. עטינגער, פון בר. 174, פילאדעלפיע.
סאל עלשטיין, פון בר. 248, לאס־אנדזשעלעס.
מ. באסקין, פון בר. 198, האדסאן קאונטי.
מ. גאלדינג, פון בר. 367, ניו־יארק.
א. לעף, פון בר. 149, ניו־יארק.
ד. פערלבערג,, פון בר. 172, ניו־יארק.
נ. פריימאן, פון בר. 39, ניו־יארק.

עס ווערען פארגעלעזען טעלעגראמעס פון פארשידענע ארגאניזאציעס: פון דער אינטערנעשאנאל לידים גארמענט וואר־קערס יוניאן; פון מ. ראשקעס, פארשטייער פון „אידגעזקאם"; פון דער סאציאליסטישער פארטיי, לאקאל ניו־יארק, און פון דזשאדזש דזשייקאב פענקין.

דער טשערמאן שטעלט פאר פר. ל. בענעסאן, פון שיקאגא, דעלעגאט פון דער נאציאנאלער בארד אוו דירעקטארען, וועלכער גיט אפ א באריכט וועגען זייער טעטיגקייט. ל. בענעסאן באריכטעט:

„די וויכטיגקייט פון דער נאציאנאלער בארד אוו דירעקטארען באשטייט אין דעם, וואס זייענדיג אן אינסטיטוציע פון פארשטייער פון גאנצען לאנד, פארבינדעט זי אלע ברענטשעס פון אונזער ארגאניזאציע אין איין־איינציגען מעכטיגען ארגאניזם. עס איז אמת, אז די נאציאנאלע בארד אוו דירעקטארען האט ניט קיין רעכט פון איני־

ציאַטיווע, אָבער די באַריכטען, וועלכע די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע גיט אָפּ פאַר אונזער קערפּערשאַפט, מאַכט אויך די נאַציאָנאַלע באָרד אוו דירעקטאָרען אַלס אַ וויכטיגען פאַקטאָר אין דער אַ. ר. טעטיגקייט, און אין געוויסע פאַלען באַאיינפלוסט אונזער מיינונג די עקזעקוטיוו קאָמיטע דירעקטאָר.

די פונקציעס פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרען באַשטייען אין, קורצען ווי פאָלגט:

1) אויסצוהערען באַריכטען פון די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס.

2) אָננעמען אַפּילס און קלאַגעס געגען די אַנטשיידונגען פון די דעפּאַרטמענטס פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

3) אויסצואַרבעטען רעקאָמענדאַציעס וועגען רעפאָרמען, וועלכע דאַרפען איינגעפירט ווערען אין אַ. ר.

4) צו טאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט.

אונזער באָרד באַשטייט פון נייע מיטגלידער. די דירעקטאָרען פאַרטרעטען 17 סטייטס פון גאַנצען לאַנד. דעם מאָל קען מען נאָר באַריכטען פון איין סעשאָן, וועלכע מיר האָבען געהאַט אין אָנפאַנג פון יאַנואַר, 1922. וועגען די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס אין אַלגעמיין קענען מיר זאָגען, אַז זיי זיינען דורכאויס צופרידענשטעלענד. די פאַרוואַלטער טוען זייער אַרבעט געוויסענהאַפט, פאַר וועלכע עס קומט זיי אַ הערצליכען דאַנק.

וועגען אַפּילס און קלאַגעס האָבען מיר דעם יאָר ווייניג צו באַריכטען. עס שיינט, אַז טראָץ דעם, וואָס אין אַ. ר. גייען אָן פאַרשיידענע שטרייטיגקייטען צווישען „לינקע“ און „רעכטע“, זיינען אונזערע ברענטשעס אַזוי פעסט אָרגאַניזאַציאָנס־טריי, אַז די שטרייטיגקייטען האָבען קיין ווירקונג ניט אויף דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

עס קען אויך זיין, אַז דער שטרייט פון די „לינקע“ און „רעכטע“ גייט אָן ניט צווישען אינדיווידועלע מיטגלידער, נאָר צווישען גאַנצע ברענטשעס. איניגע ברענטשעס זיינען דורכאויס "רעכט" און אַנדערע ברענטשעס זיינען דורכאויס „לינק“, און דעריבער, קען זיין, זיינען צו אונז קיין אַפּילס פון דעם כאַראַקטער ניט אַריינגעבראַכט געוואָרען. מיר האָבען געהאַט אַזעלכע צוויי אַפּילס, וועלכע זיינען ניט געווען פון גרויסער פּרינציפּיעלער באַדייטונג.

אַ מיטגליד פון בר. 147 האָט אַריינגעבראַכט אַן אַפּיל געגען דער נאַציאָנאַלער גריוועַנס קאָמיטע. דער באַטרעפענדער מיטגלידער, וועלכער איז געלאָפען לעצטען יאָר אַלס דעלעגאַט פון דער 21־טער קאָנווענשאָן, און איז אויך געווען אַ קאַנדידאַט פאַר דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, האָט זיך צוריקגעצויגען, ווייל אַ קלאַגע געגען אים איז געמאַכט געוואָרען פון אומאָרענטליכקייט. דער באַטרעפענדער מיטגליד איז אויך אַ באַאַמטער אין זיין ברענטש. די נאַציאָנאַלע גריוועַנס קאָמיטע האָט אַנטשידען, אַז ער קען קיין פאַראַנטוואָרטליכען אַמט אין זיין ברענטש ניט פאַרנעמען. דער באַטרעפענדער מטגליד האָט אַפּעלירט אויף דעם גרונד, אַז ער איז קיינמאָל ניט גע'משפּט געוואָרען פון אַן אומפּאַרטייאישען געריכט, און צווייטענס, טראָץ דעם וואָס די קאָמיטע, וואָס האָט אים גע'משפּט, איז באַשטאַנען פון זיינע פּאָליטישע שונאים, האָט זי אויך קיין באַשטימטען אורטייל ניט אַרויסגעגעבען. דאָס געריכט האָט זאָגאַר באַשלאָסען, אַז דער גאַנצער אינצידענט זאָל פאַרעפענטליכט ווערען, און דאָס באַווייזט, אַז זיי זיינען אַליין ניט געווען זיכער אין זיין שולד. פון די באַווייזען און די עדות, וועלכע זיינען אויפגעטראָטען, האָט די נאַציאָנאַלע באָרד אוו דירעקטאָרען נישט געקענט אויסגעפינען גענוג גרונדען, אַז דער באַטרעפענדער איז געווים שולדיג. מיר האָבען אָבער געדענקט, אַז אַ פערזאָן, געגען וועלכען עס איז פאַראַן אַפּילו בלויז אַ פאַרדאַכט, דאַרף שטיין ווייט פון דער טעטיגקייט פון ברענטש, און מיר האָבען די אַנטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע גוטגעהייסען. איצט, נאָך דער אַנטשיידונג, זיינען צוגעשטעלט געוואָרען געוויסע אַפּידייוויטס און באַווייזען, וועלכע צייגען אָן, אַז דער באַטרעפענדער מיטגליד איז פאַראורטיילט געוואָרען אויף ניט פעסטגעשטעלטע פאַקטען.

מיר רעקאָמענדירען דעריבער, אַז די קאָמיטע אַן רעפּאָרטס זאָל דאָס נעמען אין אַנבאַטראַכט.

אַ צווייטער אַפּיל איז אָנגעקומען פון פר. לעווין, וועלכער איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון סאַניטאַריום פאַר מאַכען טומעל. דער אַפּיל איז צוליב געוויסע אורזאַכען ניט פאָרגעלעזען געוואָרען ביי די זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרען, און ער איז אויפגענומען געוואָרען פון אונזער סאָב־קאָמיטע, וועלכע באַשטייט פון די פריינד: מינדלין, ניו־דזשוירזי; ס. עטינגער, פּענסילווייניא, און מ. איוועַנסקי, ניו־יאָרק. די סאָב־קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו אַפּעלירען צו דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון יענעם הומאַניטאַרען שטאַנדפּונקט אַריינצונעמען צוריק פר. לעווין אין סאַניטאַריום. דער דאָזיגער באַשלוס איז גוטגעהייסען געוואָרען פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרען דורך אַ רעפערענדום. די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אָבער אונזער אַפּיל צוריקגעוויזען און די קאָנווענשאָן וועט אויך דאַרפען נעמען אַ שטעלונג ווי צו האַנדלען אין אַזעלכע פאַלען.

וועגען די רעקאָמענדאַציעס, וועלכע מיר האָבען פאַר דער קאָנווענשאָן, וואָלט זיך געלוינט זייער פיל אָפּצושטעלען, ווייל, נאָך אונזער מיינונג, זיינען זיי זייער וויכטיג פאַר דעם וואויל און בעסטען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. מיר דענקען אָבער, אַז די דאָזיגע רעקאָמענדאַציעס וועלען אויך געמאַכט ווערען פון אַנדערע קאָמיטעס און די קאָנווענשאָן וועט האָבען גענוג צייט זיי גרינדליך צו באַטראַכטען.

די ערשטע רעקאָמענדאַציע איז: די אַ. ר. קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעהאַלטען ווערען איין מאָל אין צוויי יאָר. עס זאָל אויסגעאַרבעט ווערען אַזאַ רעפאָרם, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט דעם געזעץ. מיר גלויבען, אַז די באַגרינדונג פון אָט דער רעקאָמענדאַציע איז פאַרשטענדליך פאַר יעדען טוער פון אַ. ר. די קאָנווענשאָנס קאָסטען אָפּ צעדליגע טויזענדע דאָלאַרס און דורך צוויי־יאָריגע קאָנווענשאָנס וואָלט אַ סך עקאָנאָמיע געמאַכט געוואָרען.

אונזער צווייטע רעקאָמענדאַציע איז, אַז די איינטריטס־געלט פער מיטגליד זאָל זיין צוויי דאָלאַר, אָפּגעזען אין וועלכען קלאַס דער קאַנדידאַט וויל באַלאַנגען. דאָס געלט זאָל געקליבען ווערען אין אַ באַזונדער פאָנד פאַר קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פון אַ. ר. לויט די טאַבעלען, וועלכע דער עקטשוערי האָט אונז צוגעשטעלט, צייגט זיך אַרויס, אַז דער אַ. ר. פאַרמאָגט 111 פּראָצענט וואַליוּאיישאָן, און עס איז דעריבער ניט נייטיג, אַז די איינטריטס־געלט זאָל אַריינגיין אין רעזערוו פאָנד.

אונזער דריטע רעקאָמעדאַציע איז אויסצואַרבעטען צוזאַמען מיט דעם עקטשוערי פּלענער וועגען עקסטענשאָן און פּייד־אַפּ פּאָליסיס. מיר גלויבען, אַז די דאָזיגע רעקאָמענדאַציע איז וויכטיג פאַר די מיטגלידער, וועלכע, צוליב קראַנקהייט אָדער אַרבעטסלאָזיגקייט, זיינען געצוואונגען אָפּצושטעלען זייערע צאָלונגען אין אַ. ר.

אונזער פערטע רעקאָמענדאַציע איז צו שאַפען אַ פאָנד פאַר וואוילטעטיגע צוועקען. עס קומען פאָר פיל פאַלען, וואו אומגליקליכע מיטגלידער פון אַ. ר. ווענדען זיך דירעקט צום אָפּיס פאַר שטיצע. זיי זיינען צו דער שטיצע באַרעכטיגט. לוידער באַזיצט ניט דער אַ. ר. קיין ספּעציעלען פאָנד פאַר די דאָזיגע צוועקען. און מיר דענקען, אַז אַזאַ פאָנד דאַרף געשאַפען ווערען.

וועגען דער וויכטיגקייט פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרען, דענק איך, אַז יעדער איינער פון די דעלעגאַטען ווייס וואָס פאַר אַ גוטע אַרבעט די דירעקטאָרען טוען אויף אין זייערע רעספּעקטיווע סטייטס. לוידער אָבער זיינען מיר געשטערט אין אונזער אַרבעט דערפאַר, וואָס מיר האָבען ניט קיין מעגליכקייט צו באַריכטען אין אַלע שטעט און סטייטס, ווייל מיר האָבען דערצו קיין פאָנד ניט. דער דירעקטאָר פון פּענסילווייניא סטייט, צום ביישפּיל, קען נאָר באַריכטען אין פילאַדעלפיע, און אַנדערע גרויסע צענטערן מוזען פאַרנאַכלעסיגט ווערען. דער זעלביגער פאַל איז אויך מיט אַנדערע גרויסע סטייטס. מיר האָפען, אַז די קאָנווענשאָן וועט אונז באַוויליגען אַ געוויסע סומע, בדי מיר זאָלען קענען אויפלעבען די ברענטשעס איבער דעם גאַנצען לאַנד.

אַן אַנדער רעקאָמענדאַציע, וועלכע מיר גלויבען אַז די קאָנווענשאָן וועט גוטהייסען, איז, אַז די זיצונגען פון דער באָרד אוו דירעקטאָרען זאָלען געענדערט ווערען פון יולי און יאַנואַר, ווי זיי זיינען איצט, פאַר די מאָנאַטען סעפּטעמבער און פעברואַר. היינטיגס יאָר וועלען מיר נאָך האָבען אונזער זיצונג אין יולי. אָבער, אין יולי קענען מיר ניט ערוואַרטען קיין אויספירליכע באַריכטען פון די נייע פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס, וועלכע טרעטען אַריין אין זייער אַמט ענדע מאַי, אָדער אָנפאַנג יוני.

די וויכטיגסטע פונקציע פון אונזער טעטיגקייט איז דאָס, וואָס אונזערע דירעקטאָרען גיבען אָפּ באַריכטען פון פאַרשידענע שטעט. פון די באַריכטען האָבען מיר געלערנט, אַז אויב ביז איצט זיינען קיין ערנסטע שפּאַלטונגען אין די ברענטשעס ניט פאָרגעקומען, איז אָבער פאַראַן אַ געפאַר, אַז די פּאָליטישע צוויסטיגקייטען זאָלען אויך שטערען די אַרבעט פו אונזער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבען דעריבער באַשלאָסען צו פאַרעפענטליכען אַ רעזאָלוציע, אויפפאָדערענדיג די מיטגלידער פון אַ. ר., צו וועלכער פּאָליטישער ריכטונג זיי זאָלען ניט געהערען, צו זיין לאָיאַל צו די אינטערעסען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. עס האָט אונז געקאָסט גענוג מי אויפצובויען אַזאַ מעכטיגע אָרגאַניזאַציע, און מיר דאַרפען זיך ניט לאָזען באַאיינפלוסען פון זייטיגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען מיט דעם אַ. ר. קיין שייכות ניט.“

פר. בענעסאָן ענדיגט זיין באַריכט און באַדאַנקט די מיטגלידער פון אַ. ר. פאַר דער ערע, וואָס זיי האָבען אים צוגעטיילט צו זיין אַ מיטגליד אין דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען.

פר. בעצאַהלער, דער סעקרעטאַר פון דער קרעדענשעל קאָמיטע באַריכטעט, אַז די קרעדענשעל קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט צוצולאָזען פאַרשטייער פון „עזרת נשים“, היברו ראַשען ליידיס רעליף סאָסייעטי, אַ פאַרשטייער פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, אַ פאַרטרעטער פון דער עקס־פּאַציענט טובערקולאַר האָום פון קאָלאָראַדאָ, און מר. וואודסוואָירט, אַ מיטגליד פון קענעדער פאַרלאַמענט, פאַרטרעטער פון אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטיי.

זיי רעקאָמענדירען אויך, אַז די פּיונעראַל סעשאָן זאָל זיין דאָנערשטאַג, דעם 4־טען מאַי, אין דער פרי. — די רעקאָמענדאַציעס ווערען אָנגענומען.

עס ווערען פאַרגענומען אינטערפּעלאַציעס צום באַריכט פון פר. בענענסאָן.

פר. באסקין, פון האָדסאָן קאונטי, פרעגט, צי די איינטריטס־געלט פון צוויי דאָלאר, וועלכע די נאציאָנאלע באָרד און דירעקטאָרען רעקאָמענדירט, באציט זיך אויך צו מיטגלידער פון 4־טען קלאַס.

פר. קאצענבערג, פון בר. 148, ניו־יאָרק, בעט, אז דער באריכט־אָפּגעבער זאָל געבען מער דערקלערונגען וועגען דער רעקאָמענדאציע פון דער עקסטענשאָן פאליסי. ער פרעגט אויך, פאר וועלכע צוועקען דאָס איינטריטס־געלט זאָל פארווענדט ווערען.

פר. גאָלדבערג, פון מאסאטשוזעטס, פרעגט: וועגען וועלכע טראָבעל האָט דער דירעקטאָר פון מאסאטשוזעטס סטייט באריכטעט.

פר. זינגער, פון בר. 630, פרעגט: וויפיל מיטגלידער פון דער באָרד און דירעקטאָרען האָבען געשטימט דערפאר, אז דער פאציענט לעווין זאָל צוגעלאָזען ווערען צוריק אין דעם סאַניטאריום.

פר. מאטלין, פון בר. 609, ניו־יאָרק, פרעגט: ווארום האָט די נאציאָנאלע באָרד און דירעקטאָרען ארויסגעשיקט די קיים פון לעווין צו א רעפערענדום, אין דער צייט ווען א קאָנווענשאָן האָט וועגען דעם געהאנדעלט.

פר. קאנאָוויץ, פון מאסאטשוזעטס, פרעגט: צי קען דער באריכט־אָפּגעבער אָנצייגען ריכטיגע פאקטען און באווייזען, אז אויטסיידיגע אָרגאניזאציעס האָבען געוואָלט דיקטירען די פאליסים פון א. ר.

פר. בענענסאָן ענטפערט אויף די פראגען:

דער אונטערשייד צווישען מיטגלידער פון 4־טען קלאס ביז מיטגלידער פון 1־טען קלאס באשטייט אין דעם, וואָס די אינשורענס זיינען פארשידענע. צו אלע אנדערע בענעפיטס זיינען אלע גלייך בארעכטיגט, און ער דענקט דעריבער, אז די איינטריטס־געלט, וועלכע זאָל פארווענדט ווערען פאר אלגעמיינע צוועקען פון א. ר., דארף דעריבער זיין יוניפאָרם.

וועגען דער עקסטענשאָן פייד־אַפּ פאליסי ענטפערט פר. בענענסאָן, אז ער איז ניט קיין עקספערט אין אינשורענס און ער דענקט דעריבער, אז דער דאָזיגער פּלאַן דארף אויסגעארבעט ווערען פון עקטשוערי.

וועגען מאסאטשוזעטס דערקלערט פר. בענענסאָן, אז זיין באריכט האָט זיך ניט באצויגען אויף דעם סטייט און אלס א פאקט האָט פר. יאָנאס, דער דירעקטאָר פון מאסאטשוזעטס, אין זיין באריכט וועגען אָט די פראגען גאָרניט אָנגערירט.

וועגען דער לעווין פראגע איז די צאָל פון רעפערענדום שטימען געוועזען 14 פאר רעקאָמענדאציע פון דער סאָב־קאָמיטע און 2 דאגעגען.

וועגען פר. קאנאָוויטשס פראגע באמערקט פר. בענענסאָן, אז ער גלויבט ניט, אז פר. קאנאָוויטש זאָל זיין אזוי נאאיוו ניט צו וויסען, אז א צענטראלער קאָמיטעט פון א געוויסער פארטיי גיט דירעקטיוועס צו מיטגלידער פון א. ר. ווי צו האנדלען.

דער באריכט פון בר. בענענסאָן ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמיטע אָן רעפּאָרטס.

דער טשערמאַן שטעלט פאָר דר. מעריסאָן, וועלכער גיט אָפּ א באריכט פון דער מעדיקאל אדווייזאָרי באָרד. פר. דר. מעריסאָן באריכטעט אין קורצען:

„די פונקציעס פון דער מעדיקאל אדווייזאָרי באָרד באַשטייען אין צוויי זאַכען: ערשטענס, צו מאַכען נייע רעקאָמענדאַציעס וועגען מעדיצינישע אנגעלעגענהייטען און צו העלפען דעם גענעראַל־אָפיס מיט מעדיצינישער בעראַטונג. מיר קענען באַריכטען, אז יעדע פראַגע, וועגען וועלכער עס האָט זיך צו אונז געווענדט די בענעפיט קאָמיטע, האָבען מיר גענוי באַטראַכט און, לויט אונזער מיינונג, געגעבען דעם ריכטיגען ראַט. מיר דענקען, אַז עס איז וויכטיג, אַז דער א. ר. זאָל שאַפען אַ היים פאָר קראַנקע מיטגלידער, וועלכע דאַרפען זיך ערהאָלען.“

דר. מעריסאָן האָפט, אז די דאָזיגע רעקאָמענדאציע וועט אָנגענומען ווערען. די קאָנווענשאָן דריקט אויס א דאנק צו דער מעדיקאל אדווייזאָרי באָרד און צו דר. מעריסאָן פאר זיין באריכט.

פר. קראפקא, פון דער נאציאָנאלער גריוועגס קאָמיטע, גיט אָפּ זיין באריכט.

ער באגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער גריוועגס קאָמיטע און ער באמערקט, אז עס זיינען פאראַן איינינגע וויכטיגע און איינינגע ניט וויכטיגע קייסעס, וועלכע זיינען פארגעקומען פאר זיי, נאָר ער וועט אונז איבערגעבען אין זיין באריכט נאָר וועגען די וויכטיגע קייסעס.

1. א מיטגליד פון בר. 236 האָט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע, ווייל ער האָט געדענקט, אז זייענדיג א באָס איז זיין פּלאַץ ניט אין א. ר. זיין ברענטש האָט זיין רעזיגנאציע ניט אָנגענומען און האָט אים געשטראָפען מיט א שטראָף פון $99.99 פאר באלאנגען צו דער באָסעס אסאָסיאיישאָן. די גריוועגס קאָמיטע האָט גוטגעהייסען די האנדלונג פון ברענטש.

2. א פריינדין פון בר. 53 האָט אַפּעלירט געגען דער נאציאָנאלער בענעפיט קאָמיטע פאר ניט וועלען אויסצאָלען איר זעקס וואָכען קראנקען בענעפיט, דערפאר וואָס זי איז ניט נאָכגעקומען די לאָקאלע רולס פון ברענטש. זי האָט דערקלערט, אז איר איז ניט געוועזען באוואוסט די אנטשיידונג פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, אז בענעפיט אויף פרויען־קראנקהייטען ווערט אויסגעצאָלט. מיר האָבען באשלאָסען דעם אפילו גוטצוהייסען און באאויפטראגען די בענעפיט קאָמיטע אויסצוצאָלען איר געזעצליכע בענעפיט און אויך צו אינסטרואירען דעם בר. אויסצוצאָלען די לאָקאלע בענעפיט.

וועגען אנדערע קייסעס באריכטעט פר. קראפקא, אז אין אלע פאלען, ווען עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען די אינטערעסען פון א. ר. געגען באָסעס, האָט די גריוועגס קאָמיטע אלע מאָל באשטימט א שטרענגע שטראָף פאר די, וועלכע האָבען פארלעצט די פרינציפען פון א. ר.

איין אנטשיידונג פון דער גריוועגס קאָמיטע, רעכנט פר. קראפקא, איז פון א געוויסער פרינציפיעלער באדייטונג, און דאָס איז אז א מיטגליד קען ניט געשטראָפען ווערען פאר ניט קומען צו די מיטינגען.

די גריוועגס קאָמיטע האָט אויך אויסגעטייטשט א פונקט פון דער קאָנסטיטוציע, וויפיל צו צאָלען דעם צווייטען יאָר קראנקען־בענעפיט און זיי האָבען באשלאָסען, אז עס דארף זיין פונקט א העלפט ווי דעם ערשטען יאָר, און אזוי ווי א מיטגליד איז בארעכטיגט צו $8 דעם ערשטען יאָר, זאָל ער קריגען $4 דעם צווייטען יאָר.

עס ווערען פאָרגענומען אינטערפּעלאציעס צו דער גריוועגס קאָמיטע, וועגען איינעם א געוויסען מיטגליד, וועלכער איז געבליבען א מעמבער עט לאַרדזש אין דער צייט ווען ער האָט זיך פארזינדיגט געגען א געוויסער אינסטיטוציע.

עס ווערט אויך געפרעגט, ווי אזוי קען א מיטגליד באַשטראָפט ווערען נאָכדעם ווי ער האָט רעזיגנירט.

דר. ס. ברייזערמאַן פרעגט: צי האָט די נאציאָנאלע גריוועגס קאָמיטע אויטאָריטעט זיך אריינצומישען אין לאָקאלע אנגעלעגענהייטען פון א ברענטש.

פר. קראפקא ענטפערט: דער באטרעפענדער מעמבער עט לאַרדזש איז געוועזען אין אן אנדער שטאָט און האָט זיך ניט געמאָלדען ווען ער איז געקומען צוריק.

וועגען דער פראגע פון מיטגליד, וועלכער האָט רעזיגנירט, דענקט פר. קראפקא, אז די שטראָף איז געוועזען בארעכטיגט, ווייל די רעזיגנאציע פון א מיטגליד וואָלט געלאָזען זיין רעפוטאציע אלס א. ר. מיטגליד באפלעקט און ער דענקט אז זיין שטראָף איז געוועזען פארדינט.

וועגען אנדערע לאָקאלע אנגעלעגענהייטען האָבען מיר זיך ניט צו מישען, אָבער אין דעם פאל, וועלכער איז באריכטעט געוואָרען פון דער גריוועגס קאָמיטע, זיינען די לאָקאלע אנגעלעגענהייטען געוועזען ענג פארבונדען מיט די נאציאָנאלע און זיי דענקען דעריבער אז עס איז געוועזען די קאָמפּעטענץ פון דער גריוועגס קאָמיטע וועגען דעם צו אנטשיידען.

די קאָמיטע באדאנקט פר. קראפקא פאר זיין באריכט און עס ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמיטע אָן רעפּאָרטס.

עס ווערט פאָרגעשטעלט מר. וואודסוואָירט, וועלכער באגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער אינדעפּענדענט לייבאָר פארטיי, פון וועלכער ער איז דער איינציגער מיטגליד אין פארלאמענט.

עס פרייט אים זייער צו זען די א. ר. קאָנווענשאָן אין קענעדע. ער האָט זיך באקאָנט מיט דער טעטיגקייט פון א. ר. ווען אונזער אָרגאניזאציע האָט געהאָלפען דעם סטרייק אין וויניפּעג. דאָס צייגט אויך די סאָלידאריטעט צווישען די אידישע ארבעטער מיט די ארבעטער פון אנדערע נאציאָנען. צוליב דעם וואָס די אינדוסטריע אין קענעדע איז געוועזען ווייניג אנטוויקעלט איז די ארבעטער־באוועגונג געוועזען שוואך. עס מערקט זיך אָבער א לעבהאפטע באוועגונג, איצט, צווישען די ארבעטער. און טראָץ דעם וואָס ער איז דער איינציגער מיטגליד אין קענעדער פארלאמענט, טוט ער אויף פאר דער ארבעטער־באוועגונג פיל, מיט דער ווירקונג פון א גרופּע פארמער פארטרעטער, וואָס שטייען

אין די אינטערעסען פון פראלעטאריאט. ער איז ניט אזוי נאאיוו צו דענקען, אז 15 רעפרעזענטאנטען קענען ברענגען די סאציאלע רעוואלוציע. ער דענקט אבער, אז די ארבעטער דארפען אויסנוצען יעדע געלעגענהייט פאר די אינטערעסען פונ'ם ארבעטער־קלאס.

פר. ראזענבלאט, טשערמאן פון דער אפיס קאמיטע, באריכטעט:

ער באגריסט די קאנווענשאן פון א. ר. אין נאמען פון דער נאציאנאלער אפיס קאמיטע און דאן גייט ער איבער צו זיין באריכט:

„די פונקציעס פון דער אפיס קאמיטע באשטייען, ערשטענס, צו האבען די אויפזיכט איבער דעם אפיס, צווייטענס, צו אנטשיידען אין וועלכע ווערט־פאפירען די פאנדס פון א. ר. זאלען אינוועסטעט ווערען, און דריטענס, צו האבען די אויפזיכט איבער דער בוכפירונג פון די איינצעלנע ברענטשעס.

עס איז אויך א וויכטיגע אויפגאבע פון דער אפיס קאמיטע צו מאכען פעריאדישע קעש אודיטס, צו זעהן אז אלע געלדער זאלען דעפאזיטעט ווערען אין צייט און נאכצוקוקען, אז די וואוטשערס, אויף וועלכע געלדער ווערען אויסגעצאלט, זיינען אין גוטער ארדענונג.

ווי וויכט די טעטיגקייט פון א. ר. איז איצטער פארגרעסערט געווארען קען מען זעהן דערפון, וואס דער א. ר. פארמאגט איצטער צוויי מיליאן דאלאר און עס טרעפען טעג, אין וועלכע זעכציג טויזענט דאלאר גייען אריין אין קעש. וועגען דער טעטיגקייט פון אפיס קען מען זעהן דערפון, וואס ער איז איצטער צעטיילט אין 9 דעפארטמענטס, און האט אנגעשטעלטע, וועלכע קריגען איבער 26 טויזענט דאלאר א יאר געהאלט.

דער בוכפירונג דעפארטמענט איז דער שליסעל פון אלע אנדערע אפטיילונגען, ווייל ער דארף ברענגען אין ארדענונג יעדע קאמפליצירטע ארבעט אין אפיס פון א. ר. דער דעפארטמענט ווערט געפירט פון קאמפעטענטע לייט און די ארבעט איז זייער צופרידענשטעלענד.

דער מעמבערשיפ דעפארטמענט האט היינטיגס יאר געהאט פיל שוועריגקייטען דורכדעם וואס פיל מיטגלידער פון לייבאר־ליג, וועלכע זיינען געוועזען אין דערזעלבער צייט אויך מיטגלידער פון א. ר., האבען געהאט דאפעלטע אינשורענס, זיינען ־דעריבער געוועזען געצוואונגען צו שאפען געוויסע קלאסען, וועלכע זיינען ניט אפיציעל אנערקענט. דער מעמבערשיפ דעפארטמענט האט די אלע קאמפליצירונגען אויסגעגליכען און די ארבעט איז געטאן געווארען אין בעסטען ארדענונג.

דער אודיטינג דעפארטמענט איז באזונדערס וויכטיג דערמיט, וואס ער פארהיט די ברענטשעס פון אומארענטליכע סעקרעטארען. דורך די אונטערזוכונגען פון אודיטינג דעפארטמענט זיינען שוין פיל סעקרעטארען איבערגעגעבען געווארען צו דער נעשאנאל שורעטי קאמפאני, און דאס האט געהאלפען, אז די ברענטשעס אליין זאלען ניט דארפען ליידען מאטעריעל. דער אודיטינג דעפארטמענט האט אונטערזוכט דעם יאר פון 284 ברענטשעס פאר 866 קווארטאלען. די הכנסות פון די ברענטשעס איז געווען $803,632.89, און הוצאות $715,035.05. ליידער אבער שיקען ניט אלע ברענטשעס אריין די ביכער, ווען זיי ווערען אויפגעפאדערט, און אין מייסטע פאלען זיינען דאס גראד די ברענטשעס, וועלכע האבען אומארענטליכע סעקרעטארען, און דערפון קומט ארויס פיל שאדען פאר דעם א. ר.

ווי וויכט דעם קעשירס דעפארטמענט איז וויכטיג קען מען זען דערפון, וואס אין יאר 1921 איז אריינגעקומען $1,179,308.11. און נאטירליך, די ארבעט פון דער סאב־קאמיטע נאכצוזעהן אז די געלדער זאלען דעפאזיטעט ווערען אין צייט איז זייער וויכטיג.

דער סטאטיסטיקאל דעפארטמענט פארשאפט אונז, אויסער די דירעקטע נוצען, וואס ער ברענגט פאר דעם א. ר., אויך פיל כבוד. דער לייבאר דעפארטמענט האט זיך באנוצט מיט אונזערע רעקארדס פאר זיינע צוועקען. די שיקאגאר קאנווענשאן פון 1915 דארף ווירקליך קריגען איר ריכטיגע אנערקענונג פאר איינפירען דעם דעפארטמענט.

פון די אנדערע דעפארטמענטס איז דער סיק בענעפיט דעפארטמענט דער וויכטיגסטער, דורך וועלכען עס גייען דורך סערטיפיקייטס, וואס באטרעפען איבער צוויי מאל הונדערט טויזענט דאלאר א יאר, יון דער מיילינג דעפארטמענט, אין וועלכען איבער 400 בריף און פעקלאך גייען אדורך טעגליך, איז אלע מאל פינקטליך און אפ־טו־דייט. דער „פריינד" דעפארטמענט און דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט שטייען מער אונטער דער אויפזיכט פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע און וועגען זיי איז מיין אויפגאבע צו באריכטען."

פר. ראזענבלאט באריכטעט אויך וועגען די קענעדער קראנקע אין האבען שוועריגקייטען אריינצוקומען אין די פאראייניגטע שטאטען. דער אפיס איז געווען געצוואונגען צו געבען פאר זיי א באנד, צו פארזיכערען די אמעריקאנער רעגירונג, אז זיי וועלען זיך צוריקקערען ווען זיי וועלען ארויסגיין פון סאניטאריום.

וועגען אפיס סטעף באריכטעט פר. ראזענבלאט, אז אין יעדער באציאונג איז עס צופרידענשטעלענד.

פר. ראזענבלאט שטעלט זיך אויך אפ אויף די דעפיציטען פון די פארשידענע פאנדס. דער אדמיניסטריישאן פאנד האט א דעפיציט פון $24,718.18. די דורכשניטליכער קאסטען פער מיטגליד פון אדמיניסטריישאן פאנד איז געווען:

אין 1917 — 54 סענט
אין 1918 — 64 סענט
אין 1919 — 65 סענט
אין 1920 — 83 סענט
אין 1921 — 91 סענט

זיי האבען ניט געקענט מאכען קיין ספעציעלען אסעסמענט, ווייל א ספעציעלער אסעסמענט איז שוין געמאכט געווארען צו דעקען דעם דעפיציט פון קאנווענשאן פאנד. די אפיס קאמיטע רעקאמענדירט, דעריבער, אז פון די איינטריטס־געלט פון די נייע מיטגלידער, וועלכע וועלען אריינקומען אין פארלויף פון קומענדען יאר, זאל געדעקט ווערען דער דעפיציט אין אדמיניסטריישאן פאנד.

פר. ראזענבלאט באקלאגט זיך אויף די גרויסע באלאנסעס, וועלכע די ברענטשעס זיינען שולדיג אין אפיס, און וועלכע פירען מאנכעס מאל צו דער רואינע פון ברענטשעס. די אפיס קאמיטע האט אפעלירט צו אלע מעמבערס עט לארדזש, זיי זאלען זיך אנשליסען אן די ברענטשעס אין זייערע שטעט, כדי צו פארשפארען ארבעט דעם אפיס.

פר. ראזענבלאט באריכטעט ווייטער איבער אומאנגענעמליכקייטען, וועלכע זיי האבען געהאט אין וויסקאנסין סטייט און אויך אין קענעדע וועגען לעגאלע פראגען. דורך די באמיאונגען פון סעקרעטאר פר. באסקין זיינען די פראגען געלייזט געווארען אויף א צופרידענשטעלענדען אופן. עס זיינען אבער פאראן אייניגע זאכען, וועלכע זיינען אומאנגענעם צו באריכטען, און דאס איז דער פאל מיט די הענרי סטריט הייזער, וואס האבען אמאל באלאנגט צום א. ר. דער א. ר. האט געהאט אינדירעקטע פאראנטווארטליכקייט גוטצומאכען דעם מארגעדזש אין גאנצען. זיי זיינען געוועזען געצוואונגען דערוייל אפצוקויפען די הייזער, ביז וואנען עס וועט זיך מאכען א קונה דאס צו פארקויפען. טראץ דעם וואס זיי זיינען פרינציפיעל געגען דעם, אז דער א. ר. זאל זיך אריינמישען אין ריעל עסטייט ביזנעס. די הענרי סטריט בילדינג האט געקאסט 22 טויזענט דאלאר, וועלכע ברענגט אריין $3,900 אין רענט און די אויסגאבען זיינען $2,700.

א צווייטער אומאנגענעמער פאל איז וועגען א מיטגליד פון דער אפיס קאמיטע, וועלכער האט פארנומען געלדער פון זיין אייגענעם ברענטש, זייענדיג דער פינאנץ־סעקרעטאר. די קאמיטע רעקאמענדירט דעריבער, אז קיינע נאציאנאלע באאמטע זאלען ניט טארען זיין פינאנץ־סעקרעטארען, אדער טרעזשורערס אין זייערע רעספעקטיווע ברענטשעס. די געלדער פאר „טויטען בענעפיט", וועלכע זיינען אריינגעלייגט געווארען אונטער דעם מלחמה־געזעץ פון „אייליען קאסטאדיען", ליגען נאך ביז היינט צו טאג ביי דער רעגירונג און די יורשים קענען זיי ניט קריגען. אלע באמיאונגען, וואס זיינען געמאכט געווארען די געלדער ארויסצוקריגען, זיינען פארלויפיג אן ערפאלג.

היינטיגס יאר האט די אפיס קאמיטע אינוועסטעט $371,414.88 אין באנדס און $100,000.00 אין סוירטיפייד מארגעדזשעס. ווען די אינוועסטמענטס זיינען געמאכט געווארען, איז יעדעס מאל אויסגענוצט געווארען די גינסטיגע לאגע פון באנד־מארקעט. אין אלגעמיין זיינען די א. ר. געלדער אינוועסטעט אין גוט ווערט־פאפירען און זיי טראגען אריין דעם מאקסימום אינטערעסט.

פר. ראזענבלאט פארענדיגט זיין באריכט, אז דער א. ר. דארף האבען אן אייגענעם האום־אפיס, ווייל דער איצטיגער אפיס איז נישט גענוג פאר די צאלרייכע דעפארטמענטס, וועלכע דער אפיס האט איצט. דערווייל באמיט זיך די אפיס קאמיטע אויסצובעסערען דעם איצטיגען אפיס ווי ווייט עס איז מעגליך, און פיל אויסבעסערונגען זיינען שוין געמאכט געווארען.

עס ווערען דאן אויפגענומען די אינטערפעלאציעס צו דער אפיס קאמיטע.

פר. גאלדין, פון ניו־יארק, פרעגט, ווארום איז דער דעפיציט פון אדמיניסטריישאן פאנד פראפארציאנעל פארגרעסערט געווארען אין דער צייט ווען די צאל מיטגלידער איז פראפארציאנעל גרעסער?

פר. רובין, פון פעטערסאן, פרעגט אינפארמאציע וועגען מעמבערס עט לארדזש אין פעטערסאן.

זאלא, פון מילוואקי, באשטעטיגט, אז פר. באסקין האט געטאן זייער גוטע ארבעט אין וויסקאנסין סטייט און ער האט

קיין פּאָליטישע אגיטאציע ניט געמאכט, ווי ער איז פון אנדערע באשולדיגט געוואָרען.

דער דעלעגאט פון טעקסאס באקלאָגט זיך, וואָס דער אודיטינג דעפּארטמענט האָט געמאכט פעלערען אין אודיטען די ביכער פון די ברענטשעס.

ספּעקטאָר, פון באלטימאָר, באקלאָגט זיך וואָס דער אָפיס האָט פארנאכלעסיגט און געלאָזט די ברענטשעס אָנקלייבען אזעלכע גרויסע באלאנסעס. ער פרעגט אויך, פארוואָס מען האָט ניט באנוצט די הויז אויף הענרי סטריט פאר א האָום־אָפיס.

מרס. בראָדי, פון ברוקלין, פרעגט, מיט וואָס דער אָפיס איז זיכער, אז די טראנספערירטע מעמבערס עט לארדזש וועלען ניט מאכען קיין טראָבעל אין די ברענטשעס.

דעלעגאט פּאָלאַק, פון עליזאבעט, נ. דזש., פרעגט: ווארום עס ווערט ניט געמאכט א סיסטעם, אז די ביכער זאָלען געפּאָדערט ווערען אין א צייט ווען דער סעקרעטאר קען אויסקומען אָן זיי.

קאצענבערג, פון ניו־יאָרק, פרעגט: ווארום עס ווערט ניט אָרגאניזירט די קראנקען־בענעפיט אויף א וויסענשאפטליכען באזיס.

פר. ביילִיסאָן, פון האמילטאָן, באגריסט די קאָנווענשאָן און אפּעלירט פאר שטיצע פאר די א. ר. שולען און אנדערע א. ר. אינסטיטוציעס.

עס ווערט פאָרגענומען וואַל פאר א טשערמאן פון דער נעקסטער זיצונג און פר. א. דינערשטיין, פון ניו־יאָרק, ווערט ערוויילט.

פר. בענדזשאמין, פון ברוקלין, ווערט ערוויילט אלס וויס־טשערמאן.

דערמיט ווערט די דריטע זיצונג געשלאָסען.

---

## פערטע זיצונג

פר. ראָזענבלאט ענטפערט צופרידענשטעלענד אויף די פראגען, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען, און די אָפיס קאָם. וועט באדאנקט פאר זייער ארבעט.

ב. קאָהען, פון לאָס־אנדזשעלעס, באגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון די הונדערטער אומגליקליכע קאָנסאָמפּטיוו קראנקע פון לאָס־אנדזשעלעס סאניטאריום. ער צייגט אָן, אז נאָכדעם ווי די מיטגלידער פון א. ר., וועלכע זיינען זייער צייט אויסגעווען אין סאניטאריום אין ליבערטי און זיינען נאָך אלץ ניט געזונט, קומען זיי אין לאָס־אנדזשעלעס סאניטאריום, און ווערענד אין א. ר. סאניטאריום, נאָכדעם ווי זייער טערמין פון 9 מאָנאטען ענדיגט זיך, קען ער שוין דאָרט ניט צוריקקומען אלס פּאציענט, קען ער אָבער אין לאָס אנדזשעלעס סאניטאריום יאָ אויפגענומען ווערען און דאָס געוויינטליך איז פארבונדען מיט גרויסע קאָסטען. ער האָפט, אז די קאָנווענשאָן וועט זיך דעם יאָר רעכענען מיט דער צייט און זיי שטיצען מיט דער פולער האנט.

עס ווערט דאָן פאָרגעשטעלט גענאָסע אלדזשערנאָן ליע, דער עדיוקיישאָנאל דירעקטאָר פון דער רענד סקול. ער זאָגט:

„די רענד סקול איז ניט קיין נייע אינסטיטוציע אין דער סאָציאליסטישער גאַס, און איך בין ניט דעם ערשטען מאָל צו באגריסען א קאָנווענשאָן פון א. ר. איך קען דעם א. ר. פאר די לעצטע 22 יאָר און איך ווייס זיינע אויפטואונגען אויפ'ן קולטורעלען געביט."

ער צייגט אָן אויף די שוועריגקייטען, וואָס די רענד סקול גייט דורך די לעצטע צייט:

„א חוץ די געזעצען פון דער לאָסק קאָמיטע, וועלכע הענגען נאָך איבער דער רענד סקול, האָט אויך דער אלגעמיינער קריזיס פון אַרבעטסלאָזיגקייט און נויט געווירקט אויף דער ארבעט פון רענד סקול. צענדליגע ארבעטער, וועלכע וואָלטען זיך באנוצט מיט די קורסען פון דער רענד סקול, קענען דאָס ליידער איצט ניט טאָן צוליב זייער שלעכטער מאַטעריעלער לאגע, כאָטש מען רעכענט דאָרט זייער ביליגע פּרייזען." ער אַפּעלירט פאר פינאַנציעלע שטיצע.

די קאָנווענשאָן ווערט אויך באגריסט פון פר. ב. בערענשטיין, פארטרעטער פון דער דענווער עקס פּיישענטס האָום. ער מאכט א ווארימען אַפּיל צו די דעלעגאטען, אז אויך ביי דער דאָזיגער קאָנווענשאָן זאָל מען ניט פארגעסען אין די אומגליקליכע עקס־פּאציענטען פון דענווער סאניטאריום.

פר. ר. בלאָק, טשערמאן פון דער דיסטריביושאָן קאָמיטע, באריכטעט, אז די דיסטריביושאָן קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט אים אלס טשערמאן און פר. ל. גינזבורג אלס סעקרעטאר. פארלויפיג האָבען זיי בלויז צו רעקאָמענדירען א רעזאָלוציאָנס קאָמיטע פון פאָלגענדע 13 דעלעגאטען: פר. וואָלאָס, בר. 75; לאַפּינסקי, בר. 127; נודעלמאן, בר. 275; חאיט, בר. 507; פיינערמאן, בר. 165; וויינבערג, בר. 2; בראגינסקי, בר. 370; פּיין, בר. 201; י. האָטהמאן, בר. 49; ראָטענבערג, בר. 251, און גורים, בר. 232.

דער טשערמאן שטעלט דאָן פאָר פר. אשפּיז, טשערמאן פון דער סאניטאריום קאָמיטע.

פר. אשפּיז פאנגט אָן זיין באריכט מיט פאָלגענדע ווערטער:

„ווען מען רעדט אין דער עפענטליכקייט וועגען דעם א. ר., רעדט מען מערסטענס וועגען זיין קולטורעלער טעטיגקייט, וועגען די שולען, די גרויסע געלט־מיטלען, וואָס ער גיט פאר דער סאָציאליסטישער באוועגונג, די הילף, וואָס ער גיט אין די סטרייקס פון די פארשידענע יוניאָנס א. אז. וו., אָבער מען רעדט ווייניג וועגען די בענעפיטס פון א. ר. איך אָבער פארטרעט א קאָמיטע, הגם פון א בענעפיט אינסטיטוציע, וואָס דאָך רעדט אָבער דער א. ר. און די גאנצע ארבעטער־באוועגונג דערפון מיט שטאָלץ, יעדער איינער פילט זיך צופרידען וואָס אן ארבעטער־אָרגאניזאציע האָט געקענט אויפבויען אזא וואונדערבארען אנשטאלט, דאָס איז דער א. ר. סאניטאריום. דער א. ר. האָט זיך אונטערגענומען צו פירען א קאמף מיט'ן מלאך המות און אים באזיגען. מענטשען, וועמען די פּראָלעטארישע קראנקהייט האָט אריינגענומען אין אָנגריף, און פארצווייפעלטע, וואָס האָבען געזען אז דער טאָג פון זייער ענד רוקט זיך אלץ נענטער און נענטער, איז געקומען דער א. ר. און אויפגעבויט אן אנשטאלט, וואו אָט די מענטשען ווערען געזונט. איך וואָלט זיך געשעצט גליקליך, ווען איך וואָלט געקענט באריכטען וועגען דער מעדיצינישער זייט און איבער די מיטלען, וואָס ווערען אנגעווענדט אום די דאָזיגע קראנקהייט צו היילען. אָט דער געביט געהערט אָבער צו אונזער געשעצטען דר. אנטאָנאָווסקי, וועלכער וועט אייך באזונדער וועגען דעם באריכטען.

איך קען נאָר רעדען וועגען דער געשעפטס־אָפּטיילונג און פיל זיך גליקליך, וואָס זייענדיג איינער וואָס טוט אָט די ארבעט, העלף איך אויפצוהאלטען די דאָזיגע נאָבעלע אינסטיטוציע. אונזער ארבעט דעם יאָר איז געווען די זעלבע ווי די ארבעט פון די פאָריגע קאָמיטעס, נעמליך: אכטונג צו געבען, אז אלץ זאָל זיין אם פּלאַץ, קיין זאך זאָל ניט פעלען, און אז די דאָזיגע אינסטיטוציע זאָל קענען טאָן איר גרויסע ארבעט, זייענדיג אויסגעהיט פון אירגענד וועלכע שטערונגען. אָבער צוזאמען מיט אָט דער ארבעט האָבען מיר דעם יאָר ספּעציעל געזאָרגט צו שאפען אין א. ר. עקאָנאָמיע און אויף אָט דעם געביט איז אונז א סך געלונגען.

ווען מיר זיינען אינסטאלירט געוואָרען האָבען מיר גלייך גענומען איינפירען עקאָנאָמיע אין אלע אָפּטיילונגען, וואו עס איז נאָר געווען מעגליך, און אונז איז געלונגען צו פארקלענערען די אויסגאבען פון אויפהאלטונגס פאָנד פאר דעם יאָר 1921 אויף $6,843.23. פאר דעם יאָר 1920 זיינען די אויסגאבען געווען $109,462.21. ווערענד פאר דעם יאָר 1921 זיינען די אויסגאבען געווען $102,718.98.

מיר האָבען געשפּאָרט דאָרט, וואו מיר האָבען געקענט, הויפּטזעכליך אויף אנגעשטעלטע, פארקלענערענדיג די צאָל פון 34 אויף 24, און אויך אויף פּראָדוקטען. מיר האָבען צום ביישפּיל געמאכט נייע באדינגונגען מיט'ן פארמער, וואָס פארקויפט אונז מילך. אין די פריערדיגע יאָרען האָט ער אונז געצוואונגען צוצונעמען די גאנצע מילך, וואָס ער פּראָדוצירט. אונז איז אָבער געלונגען דורכצופירען, אז ער זאָל אונז געבען בלויז אזוי פיל מילך, אין וויפיל דער סאניטאריום נייטיגט זיך. דער אונטערשייד אין די זומער־מאָנאטען איז מאנכעס מאָל אזוי הויך ווי 16 דאָלאר א טאָג. מיר האָבען אויך אויסגעארבעט פּלענער וועגען די פּראָדוקטען, אז מאנכע ארטיקלען זאָלען געקויפט ווערען אין ניו־יאָרק. פיל געהאָלפען אין דעם האָט פר. ראמאָ פון בר. 23, און אויך אונזער גענעראל־סעקרעטער, פר. י. באסקין, צו וועמען מיר דריקען אויס א הערצליכען דאנק.

מיר האָבען אויך פארקלענערט די העלפּ, און דאָס איז אונז געלונגען א דאנק דעם, וואָס מיר האָבען רעפאָרמירט די פארוואלטונג אין סאניטאריום. עס איז געווען אן אנגענומענער כלל, אז א דאָקטאָר און א מענעדזשער אין סאניטאריום וועט פירען צו צוויסטיגקייטען און די אינסטיטוציע וועט דערפון ליידען, דעריבער איז די לעצטע יאָרען דער דאָקטאָר אויך געווען דער אָפיציעלער מענעדזשער פון סאניטאריום. דאָס אָבער איז ניט ריכטיג. א דאָקטאָר, וואָס שטודירט יאָרען לאנג און

פאַרבאַרייט זיך פאַר דער מעדיצינישער פראָפעסיע, קען ניט און דאַרף ניט אָפּגעבען זיך מיט פראַגען, וואָס באַלאַנגען ניט צו זיין בארוף. די דאָקטוירים זעלבסט זיינען דערפון ניט געווען אינגאַנצען צופרידען. מיר האָבען דעריבער באַשלאָסען צו האָבען אַן אַסיסטענט מענעדזשער אין סאַניטאַריום, וועלכער זאָל האָבען אויפזיכט אויף דער געשעפטס־אָפּטיילונג, און דערמיט מעגליך מאַכען דעם דאָקטאָר צו קענען זיך בעסער אָפּגעבען מיט דער מעדיצינישער זייט, וויסענדיג אַז די געשעפטס־זייט געפינט זיך אין די הענט פון אַ פאַראַנטוואָרטליכען מענטשען, אויף וועלכען ער קען זיך פאָלשטענדיג פאַרלאָזען. אונזער רעפאָרמע איז אַן ערפאָלג, און דאָס וועט אויך באַשטעטיגען דר. אַנטאָנאָווסקי.

אין באַצוג צו העלפּ, האָבען מיר אומגעביטען דעם אינזשעניר, ווייל מיר האָבען געפונען, אַז זיין אַרבעט איז ניט צופרידענשטעלענד. פאַר די זעלבע אורזאַכען האָבען מיר אומגעביטען דעם טשיקען־מאַן. מיר האָבען אָפּגעשאַפט די פיינטערס, ווייל מיר האָבען געפונען, אַז ווען עס מאַכט זיך אַ גרעסערער דזשאָב מוז מען סאַי־ווי־סאַי אַרויסגעבען אַ קאָנטראַקט צו אַן אַנדער פיינטער, און פאַר די ביסעל קלייניגקייטען וואָס בלייבט איז ניטאָ גענוג אַרבעט פאַר אַ גאַנץ יאָר.

פונקט דאָס זעלבע איז דער פאַל געווען מיט קאַרפּענטער־אַרבעט, און מיר האָבען דעם קאַרפּענטער אויך אַוועקגעשיקט.

דאָס אַלץ האָט געמאַכט, אַז מיר האָבען דעם יאָר, דעם ערשטען מאָל זייט פיל יאָרען, אַ סורפּלוס אין סאַניטאַריומס אויפהאַלטונגס פאָנד אויף $4,725.61. אין די פריערדיגע יאָרען איז אַלעמאָל געווען אַ דעפיציט אין אויפהאַלטונגס פאָנד. דער דעפיציט האָט שוין לעצטען יאָר געהאַט דערגרייכט די סומע פון $35,961.25, וועלכע עס איז געדעקט געוואָרען פון דעם בילדינג פאָנד. ווען מען באַרעכענט, אַז דעם יאָר זיינען יעדען טאָג געווען אין דורכשניט מיט 6 פּאַציענטען מער ווי פאָריגען יאָר, נעמליך 58 פּאַציענטען פּער טאָג דעם יאָר, געגען 52 פּאַציענטען פּער טאָג לעצטען יאָר, ווערט דער פאַקט פון אונזער פאַרקלענערען די קאָסטען נאָך מער וויכטיגער.

מיר האָבען פאַר דעם יאָר געמאַכט פיל נייע אויסבעסערונגען. מיר האָבען איבערגעפיינט די בילדינגס, איבערגעשטעלט די לאַקערס, כדי אַז די לינטוס זאָלען זיין ליכטיגער. מיר פאַרריכטען די וואַסער־לייטונג, כדי צו פאַרזיכערען זיך פון אַ מאַנגעל אין וואַסער, ווי דאָס איז געווען פאָריגען יאָר צוליב דער גרויסער טריקעניש. מיר האָבען געקויפט נייע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק און אַריינגעשטעלט אַן „אינסינערייטאָר" צו פאַרברענען די ספּיטום פון די פּאַציענטען. דאָס אָבער זיינען אַלץ קליינע אויסבעסערונגען. מיר האָבען אויך איינגעפירט אַ נייע אָפּטיילונג אין סאַניטאַריום — דאָס איז דער „רענטאַל קליניק".

די קאָמיטע האָט געפילט, אַז אום די פּאַציענטען זאָלען זיך קענען דערהאַלען איז אָפט נייטיג צו פאַרריכטען זיי די ציין, כדי זיי זאָלען קענען צעקייען גוט דאָס עסען. פּאַציענטען אין אַזאַ לאַגע, מאַנכע פון זיי האָבענדיג פאַמיליעס, קענען נאַטירליך ניט פאַרריכטען די ציין אויף זייער אייגענעם חשבון, און עס איז דעריבער נייטיג, אַז דער אַ. ר. זאָל האָבען אַ דענטיסט, וועלכער זאָל פאַרריכטען די ציין פון די פּאַציענטען.

אַ צווייטע אויסבעסערונג האָבען מיר אַליין שוין ניט געקענט איינפירען, ווייל דערצו איז נייטיג די גוטהייסונג פון קאָנווענשאָן און רעפערענדום. דאָס איז נעמליך, שוועסטער און ברידער און אויך עלטערן פון מיטגלידער פון אַ. ר. זאָלען אַריינגענומען ווערען אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען.

מיר ברענגען אָט די רעקאָמענדאַציע צו דער קאָנווענשאָן און מיר האָפען, אַז זי וועט אָנגענומען ווערען.

צוויי אויסערגעוויינליכע פאַלען האָבען מיר געהאַט. איין פאַל איז געווען פון אַ מיטגליד פון בר. 23, וועמעס 7־יאָריגער פּלימעניק, וואָס זיין פאָטער איז גע'הרג'עט געוואָרען אין דער מלחמה, איז פאַרהאַלטען געוואָרען אין עליס איילאַנד אויף צוריקגעשיקט צו ווערען, ווייל ער איז קראַנק געווען אויף קאָנסאָמפּשאָן. מיר האָבען געגעבען אַ סטייטמענט צו די באַאַמטע פון עליס איילאַנד, אַז מיר זיינען באַרייט אים אַריינצונעמען אין אונזער סאַניטאַריום און ער איז אַרונטערגעלאָזען געוואָרען. אַ צווייטער פאַל האָט פּאַסירט מיט צוויי מיטגלידער פון אַ ברענטש אין ניו־הייווען, וועלכע האָבען אַרונטערגענומען זייערע עלטערן און שוועסטער און ברידער פון רוסלאַנד. צוליב דעם וואָס איין שוועסטער איז קראַנק געווען אויף טובער־קולאָזיס, האָט מען די גאַנצע פאַמיליע געוואָלט צוריקשיקען, און מיר האָבען אויך אין דעם פאַל אַזוי געהאַנדעלט.

דער פאָרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער באָרד און דירעקטאָרען האָט באַריכטעט פון אַ פאַל, וואו אַ געוועזענער אויסגעשלאָסענער פּאַציענט האָט אַפּעלירט צו זיי, און אָבוואָל די נ. ב. אַ. ד. האָט באַשלאָסען אַז ער זאָל צוריק אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע דעם באַשלוס ניט דורכגעפירט. מיר ווילען דערקלערען, אַז אַזעלכע פאַלען זיינען געווען צוויי; ניט מער דער צווייטער האָט נאָך ביז איצט ניט אַפּעלירט צו דער נ. ב. אַ. ד. מיר האָבען ניט אויסגעפאָלגט דעם באַשלוס פון דער נ. ב. אַ. ד., ווייל די דאָזיגע מיטגלידער זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע פון 1919 פאַר ברעכען די רולס און די דיסציפּלין פון סאַניטאַריום. מיר האָבען געגלויבט, אַז אַן איינצעלנע דעפּאַרטמענט קאָמיטע טאָר ניט אומוואַרפען אַן אַנטשיידונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע. מיר האָבען דעריבער אָט די צוויי מיטגלידער געהייסען זיך ווענדען מיט זייער פאַרלאַנג צו דער נאַצ. עקזעק. אַלס גאַנצע, און דער טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. קאָמ. וועט אין זיין באַריכט די פראַגע זיכער ניט אויסלאָזען.

אין אונזער אַרבעט דעם יאָר האָט אונז פיל געהאָלפען די נאַצ. עקזעקוטיווע, און הויפּטזעכליך מרס. דר. אַנטאָנאָווסקי און אונזער מענעדזשער פר. אַדלער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעצייגט דער מאַן אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ און פאַרשטייט די אַרבעט, ווייל ער אַליין איז אַ געוועזענער מיטגליד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

אַ ספּעציעלען דאַנק ווילען מיר אויסדריקען צו דר. חאַלפּערין. ער איז שוין אַן עלטערער מענטש, וואָס האָט שוין ניט די כחות פון אַ יונגען, דאָך, ווען עס קומט צום סאַניטאַריום, איז פאַר אים קיין זאַך ניט צו שווער — ער איז שטענדיג אויף זיין פּאָסטען און טוט זיין אַרבעט מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט.

אַ דאַנק ווילען מיר אויך אויסדריקען צו די פּאַציענטען פאַר זייער גוטער האַלטונג און אויפפירונג. ווען מיר האָבען אָנגעפאַנגען אונזער פּאָליסי פון עקאָנאָמיע, האָבען מיר ווירקליך מורא געהאַט, אַז די פּאַציענטען וועלען אונז מיספאַרשטיין. מיר האָבען פיל מיטלען אָנגעווענדט צו איבערצייגען זיי, אַז מיר האָבען גענוג קוועלען פאַר עקאָנאָמיע, און מיר נייטיגען זיך ניט צו מאַכען עס אויף זייער חשבון. און מיר זיינען צופרידען אייך צו באַריכטען, אַז די פּאַציענטען האָבען פאַרשטאַנען אונזער אַבזיכטען און האָבען זיך פאַרהאַלטען ווי גוטע לאָיאַלע מיטגלידער פון אַ. ר.

אַ דאַנק ווילען מיר אויך אויסדריקען צו די אָנגעשטעלטע אין סאַניטאַריום פאַר זייער געטרייער און איבערגעגעבענער אַרבעט.

אין קורצען, פריינד, האָבען מיר זיך באַמיט צו טאָן אונזער פליכט אויף דעם אופן ווי מיר האָבען דאָס פאַרשטאַנען און אין געוויסערמאַסען איז אונז געלונגען דורכצופירען דעם אויפטראָג פון דער לעצטער קאָנווענשאָן. מיר האָפען, אַז די נייע קאָמיטע וועט פאָרזעצען די אַרבעט אין דעם זעלביגען וועג צו דער בעסטער צופרידענהייט פון די פּאַציענטען און פון דעם אַ .ר אין אַלגעמיין.

עס ווערט דאָן פאָרגעשטעלט דר. ב. ס. אַנטאָנאָווסקי, דער מעדיקאַל סופּעראינטענדענט און דירעקטאָר פון סאַניטאַריום. ער באַגריסט די דעלעגאַטען אין נאָמען פון די פּאַציענטען און זאָגט צווישען אַנדערעם:

מיינע פריינד! איך קום אייך באַגריסען אין נאָמען פון אייערע שוועסטער און ברידער, וועלכע געפינען זיך אין אַן אָפּטיילונג פון אייער אָרגאַניזאַציע, וואָס מיר מעגען אָנרופען די „יומען ריפּעיר שאָפּ". איך בין זיכער, אַז אַלע פון אייך, אָן אונטערשייד, ווי פאַרשידען איר זאָלט ניט זיין אין אייערע פּאָליטישע נייגונגען, זיינען איינשטימיג אויף דעם אומשעצבאַרען ווערט פון די נוצען פון דעם אַ. ר. סאַניטאַריום. דער סאַניטאַריום איז אַ מאָנומענט, וואָס דינט אַלס לעבעדיגער עדות צו דער הומאַניטאַרישער אַרבעט פון דעם אַ. ר. דאָס איז דער שענסטער באַווייז, אַז אַרבעטער זיינען פעאיג צו זעלבסט־פאַרוואַלטונג. עס לערנט אונז פאַקטיש, אַז אַרבעטער, ווען זיי מאַרשירען שולטער ביי שולטער, אַלע פאַראייניגט צו איין און דעם זעלבען ציל, קענען זיי אַלץ ערגרייכען. איך באַגריס אייך אין נאָמען פון די פּאַציענטען און אויך אין נאָמען פון די

אנגעשטעלטע און ווינש אייך ערפאלג אין אלע אייערע אנטערנעמונגען.

איך פיל, אז עס איז מיין פליכט אייך צו זאגען אייניגע ווערטער וועגען אונזערע פאציענטען. איך שטים ניט איין מיט די יעניגע, וואס מאלען דעם א. ר. פאציענט אנדערש ווי אין די שענסטע קאלירען. דער דורכשניטליכער א. ר. פאציענט איז זייער געהארכזאם און פארשטייט צו שעצען א צווייטענס ארבעט. דער א. ר. פאציענט איז טאלעראנט און לאזט זיך רעדען און לאזט זיך באהאנדלען, מען דארף נאר פארשטיין זיין פסיכאלאגיע און מען דארף קיינמאל ניט פארגעסען, אז ער איז א מענטש און האט א רעכט צו מענטשליכע באהאנדלונגען.

מיר קענען דעם סאניטאריום ניט פארגלייכען צו אנדערע אנשטאלטען. אונזערע באציאונגען צו דעם א. ר. פאציענט מוזען זיין פון אן אנדער כאראקטער ווי די באציאונגען פון די פארוואלטער אין אנדערע אנשטאלטען. מיר קענען ניט איגנארירען דעם פאקט, אז דער א. ר. מיטגליד איז א ברודער און האט א רעכט צו דערווארטען ברידערליכע באציאונגען און ברידערליכע באהאנדלונגען. דער א. ר. פאציענט איז איינער פון די בעסטע, מיט וועלכע איך בין געקומען אין בארירונג. אונטער דער צייט פון מיין רעזשים זיינען קיין ערנסטע שוועריגקייטען ניט פארגעקומען, און די, וועלכע זיינען יא פארגעקומען, זיינען ניט געווען פון דעם כאראקטער, וואס זאל פירען צו אנגעשטרענגטע באציאונגען צווישען די פאציענטען און פארוואלטער.

ווערענד אין די אנדערע אנשטאלטען, איך מיין צדקה־אנשטאלטען, בלייבען די פארוואלטער אימער גערעכט און די פאציענטען מוזען דולדען און שטיקען זיך אין זייערע קריוודעס, איז אבער אין א. ר. סאניטאריום אזא צושטאנד ניט מעגליך.

מיינע פריינד! איך בין ניט קיין דעלעגאט, איך בין ניט באקאנט מיט אייער פאליטיק און איך קום צו אייך ניט אינסטרואירט. איך פיל זיך דערום פריי צו רעדען אויף וועלכער עס איז טעמע, וואס מיר געפעלט. און דערום וועל איך אויסנוצען די געלעגענהייט צו רעדען אויף דער טעמע וואס איז נאענט צו מיין הארצען.

דער א. ר. איז די איינציגע אידישע ארגאניזאציע אין אמעריקע און אויך אין דער גאנצער וועלט, וועלכע אונטערשיידט זיך פון אנדערע אידישע ארדענס דערמיט, וואס זי איז ראדיקאל און ליבעראל, אבער נאך מער אונטערשיידט זי זיך דערמיט, וואס זי האט אויף זיך גענומען די הייליגע פליכט אויפצופאסען אויף אירע ליידענדע מיטגלידער־קרבנות פון טובערקולאזיס. איך בין זיכער, אז קיינער פון די ערשטע גרינדער האט זיך ניט פארגעשטעלט, אז דער א. ר. וועט אמאל שפילען אזא גרויסע ראלע, ווי ער שפילט איצט אין דער ארבעטער־באוועגונג אין אמעריקע. קיינער האט ניט גע'חלומ'ט, אז דער א. ר. וועט שטייגען צו אזא איינפלוסרייכער שטופע. איך בין אויך זיכער, אז די פיאנערען, וואס האבען זיך דערלויבט צו טרוימען פון אן א. ר. סאניטאריום, האבען זיך קיינמאל ניט פארגעשטעלט, אז דער סאניטאריום זאל ווען עס איז אויסוואקסען צו אזא שיינער גרויסער מדרגה. איך גלויב, ניין, איך בין זיכער, אז דער א. ר. דינט היינט צו טאג אלס א מוסטער פאר אלע אנדערע אידישע ארגאניזאציעס. איך גלויב, אז איר וועט זיך מיט מיר ניט וועלען איינרייסען, ווען איך זאג, אז דער א. ר. דינט אלס ביישפיל נאר צוליב דעם וואס ער פארמאגט א סאניטאריום.

עס איז דעריבער ווענשענסווערט, אז דער א. ר., וואס איז אימער דער וועגווייזער פאר אנדערע ארגאניזאציעס, זאל זיך אריינטראכטען, אז עס זיינען דא פיל אנדערע באדערפענישען, וועלכע זיינען פראקטיש און צייטליך. דער סאניטאריום, אבוואל ער איז איינער פון די שענסטע מאנומענטען וואס דער א. ר. האט אויפגעשטעלט, און וואס איז דער שטאלץ פון יעדען ארבעטער, איז דאך דער סאניטאריום ניט מער ווי איין קאפיטעל פון דעם פאציענטס לעבענס־געשיכטע. עס איז בלויז א סטאנציע אויף דעם קראנקענס לעבענס־רייזע. איך האב אמאל געלעזען אדער געהערט, אז אין כינע עקזיסטירט א געזעץ, אז ווען מען רעטעט איינעם פון טויט, איז דער רעטער פאראנטווארטליך פאר דעם וואוילזיין פון דעם גערעטעטען פאר זיין גאנצען לעבען. דערום, ווען מען זעט אז איינער טרינקט זיך, אנשטאט אים צו רעטען, אנטלויפט מען פון אים. איר אבער האט זיך פארפליכטעט צו רעטען דעם טרינקענדען. איר קומט אים צו הילף און איר שלעפט אים ארויס פון וואסער און איר ברענגט אים צוריק ארויף אויף דער יבשה, דאן טארט איר אים ניט איבערלאזען, ווען ער דארף נאך אייער הילף.

עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז ווי ענערגיש עס זאל ניט זיין אייער קאמף געגען דער ווייסער פעסט, וואס רופט זיך אן קאנסאמפשאן, מוז עס זיין א דורכפאל, כל זמן איר נעמט ניט קיין אינטערעס אין דעם וואוילזיין פון פאציענט, נאכדעם ווי ער פארלאזט דעם סאניטאריום.

אייער פליכט צו דעם פאציענט דארף זיך ניט ענדיגען מיט דער ענד פון זיין טערמין אין סאניטאריום.

ווען דער פאציענט גייט ארויס פונ'ם אנשטאלט און לאזט זיך וואגלען אין דער וועלט פון קאנקורענץ, ווי א שעפס אן א פאסטוך, איז ער באלד געצוואונגען, אום א לעבען צו מאכען פאר זיך און זיין פאמיליע, זיך צוריקקערען צו די פריערדיגע לעבענס־באדינגונגען, און אין א גאנץ קורצער צייט ברעכט ער ווידער איין. דעמאלס איז זיין צושטאנד פיל ערנסטער ווי דעם ערשטען מאל.

סטאטיסטיקס פון פארשידענע וועלט־טיילען וועלען באשטעטיגען מיינע ווערטער, און וועלען אייך דינען אלס ביישפיל: דר. טיילאר, פון האליפאקס, ענגלאנד, האט אין דעם יאר 1914 געמאכט א גרינדליכע אונטערזוכונג וועגען פאציענטען, 5 יאר נאכדעם ווי זיי האבען פארלאזט טובערקולאזיס סאניטאריומס. ער געפינט, אז 76 און א האלב פראצענט זיינען טויט און פון די 23 און א האלב פראצענט וואס לעבען זיינען בלויז א העלפט ארבעטספעאיג. די לאנדאן קאונטי אינשורענס קאמיטע באריכטעט וועגען 1484 עקס סאניטאריום טובערקולאזיס פאציענטען, וועלכע האבען פארלאזט דעם סאניטאריום אין 1919, אז 47 פראצענט זיינען ניט געווען ארבעטספעאיג ביים פארלאזען דעם סאניטאריום. טרודא סאניטאריום, וועלכער נעמט אריין אינסיפיענט קייסעס, דאס הייסט האפנונגספולע קייסעס, באריכטעט, נאך א גרינדליכער אונטערזוכונג, אז אם ענד פון 20 יאר נאכדעם ווי די פאציענטען האבען פארלאזען דעם סאניטאריום, זיינען 80 פראצענט געשטארבען און אין 92 פראצענט פון די טויטען־פאלען ווערט אנגעגעבען טובערקולאזיס אלס די אורזאך פון טויט. ניו־יארק סיטי דעפארטמענט אוו העלטה האט אין 1913 געמאכט אן אינטערעסאנטע אונטערזוכונג. זי האט באריכטעט וועגען דעם געזונדס־צושטאנד פון די קייסעס, וועלכע האבען פארלאזט סאניטאריומס צווישען די יארען פון 1905 און 1910. די אונטערזוכונג האט זיך באצויגען איבערהויפט צו 273 פאציענטען, וואס זיינען געקומען פון אטיסוויל סאניטאריום, פון רייברוק סאניטאריום און פון בעדפארד סאניטאריום. דער באריכט באווייזט, אז פון 273 פאציענטען זיינען בלויז 50 פראצענט געווען ארבעטספעאיג. אן ענליכע אונטערזוכונג וועגען די פיזישע צושטאנדען פון 1056 פאציענטען, וועלכע האבען פארלאזען די מאסאטשוזעטס סטייט סאניטאריומס פון מאי 1912 ביז מאי 1914 האט געצייגט בלויז 29 פראצענט ביי דער ארבעט אין 1916.

מיין טעמע האט געזאלט זיין: „אקופיישאן טהעראפי“. אקופיישאן טהעראפי האט פאר איר אויפגאבע ארבעט אלס א היילמיטעל. די ארבעט ווערט געטאן אונטער א דאקטארס אויפזיכט. אבער די ארבעט האט אין זיך דעם געדאנק פון א רעצעפט. די אבזיכט איז צו באשעפטיגען דעם קראנקענס געדאנקען און צו פארלייכטערען דעם מאנאטאנעם לאנגווייליגען לעבען אין אן אנשטאלט, וואו דער פאציענט דארף פארברענגען מאנאטען לאנג.

איך האב בדעה געהאט פארצושלאגען, אז די דאזיגע איינריכטונג זאל ווי אם שנעלסטען איינגעפירט ווערען. אין די מערסטע מאדערנע סאניטאריומס איז דאס שוין לאנג עטאבלירט. אבער ווען איך האב זיך אריינגעטראכט אין דער זאך מער גרינדליך, ווען איך האבען גענומען אין אנבאטראכט דעם דורכשניטליכען פאציענט, וואס קומט אין אונזער סאניטאריום, האב איך באשלאסען צו רעדען אויף א ברייטערען געביט. „אקופיישאן טהעראפי“ מיינט בלויז ארבעט אלס מעדיצינישע באהאנדלונג און אלס צייט־פארטרייב, אבער ניט קיין פראדוקציעס, וואס זאלען קאנען ברענגען נוצען דעם פאציענט. וואס איך וויל אבער איז, איר זאלט זיך אנהייבען צוגעוואוינען צו עטוואס מער ווי אקופיישאן טהעראפי. איך וויל איבערלאזען אין אייערע מוחות דעם געדאנק פון א סארט אינדאסטריעל דעפארטמענט אויף א סאניטאריום פונדאמענט. די גאנצע וועלט אנערקענט איצט די ווערדע פון אזעלכע אינדאסטריעל קאלאניעס.

וואו דער פּאַציענט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין פאַרבראַכט א טערמין אין סאַניטאַריום, פאַרבלייבט אויף נאָך אַ קורצער צייט צו אַרבעטען אום אַ לעבען צו מאַכען אונטער אַ סאַניטאַריום אויפזיכט.

פון די קייסעס, וואָס ווערען אַרויסגעלאָזען פון אַלע סאַניטאַריומס און אויך פון אונזערען, ווערט אַ גרויסער פּראָצענט ווידער קראַנק אין אַ גאַנץ קורצער צייט, און ווען מיר דערלויבען זיי זיך צוריקצוקערען צו זייער געוויינליכען לעבען, אַרבעטענדיג ביי פאַרשידענע פאַכען אָן מעדיצינישער אויפפּאַסונג, קענען זיי לאַנג געזונט ניט בלייבען. געוויינליך ראַטען מיר דעם פּאַציענט, ער זאָל געפונען לייכטע אַרבעט, וואָס עס זאָל איהם האַלטען אויף דער פרייער לופט. אָבער וואו קריגט איר אַזעלכע אַרבעט? ווער איז היינטיגע צייטען אַזוי גוטהערציג, ער זאָל געבען לייכטע אַרבעט און אַ געלעגענהייט צו מאַכען אַ לעבען? עס איז די אַלוועלטליכע מיינונג, אַז דער סאַניטאַריום האָט אַ גרויסע ווערדע און שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אונזער קאַמף געגען טובערקולאָזיס, אָבער עס איז פּאַקטיש באַוויזען, אַז אַ גרויסער פּראָצענט פון סאַניטאַריום־אַרבעט גייט פאַרלאָרען דורכדעם, ווייל דער נ אָ ך ־ סאַניטאַריום, פּ אָ ס ט ־ ס אַ נ י ט אַ ר י ו ם, ווערט ניט אויפגעפּאַסט מיט דער זעלבער פּינקטליכקייט, מיט דעם זעלבען אינטערעס. אומגעפער מיט 7 יאָר צוריק האָט די „קאָמיטע פאַר די קער אוו דזשואיש טובוירקולאַר“ אונטערזוכט די לאַגע און האָבען זיך איבערצייגט, אַז די פּאַציענטען, וואָס האָבען פאַרלאָזען דעם בעדפאָרד סאַניטאַריום אין דער צייט פון 6 מאָנאַטען ביז 1 יאָר, זיינען 52 פּראָצענט געוואָרען ערגער. דאָס מיינט, אַז מער ווי אַ העלפט פון דער אַרבעט, וואָס דער סאַניטאַריום האָט געלייסטעט צו די דאָזיגע פּאַציענטען, איז געגאַנגען צו גרונד אין ווייניגער ווי איין יאָר צייט. די קאָמיטע האָט דערום געפונען פאַר נייטיג צו עפענען די אַזוי־גערופענע „אַלטראַ־שאַפּ“. די אַלטראַ פּעקטאָרי איז געווען אַ סאָרט עקספּערימענט צו באַשאַפען אַ פּלאַץ, וואו דער קאָנסאָמפּטיוו זאָל געפונען אַרבעט אונטער מעדיצינישע באַדינגונגען און אונטער אַ דאָקטאָרס אויפזיכט. די ערשטע צוויי יאָר האָבען זיי פּיליכט דערלייגט געלט, אָבער איצט באַצאָלט זיך דאָס.

מיינע פריינד! ווי גוט און ווי נוצליך דער סאַניטאַריום זאָל ניט זיין, איז ער דאָך ניט פולשטענדיג און עס קאָן ניט דערפילען זיין הייליגע מיסיע, ביז איר וועט ניט באַשאַפען די מעגליכקייט פאַר דעם עקס־פּאַציענט צו מאַכען אַ לעבען אונטער סאַניטאַריום באַדינגונגען. דער אַ. ר. באַשטייט פון דעם סאָרט מאַטעריאַל, וואָס קען און מוז אָט דעם אידעאַל פאַרווירקליכען. איר וועט דינען די מענשהייט אויף אַ נאָבעלען שטייגער און אין דער זעלבער צייט וועט איר זיך פאַרדינען ווייטער אָנצוהאַלטען אייער פּלאַץ אין די פאָדערשטע רייען פון אידישע אָרגאַניזאַציעס.

(גרויסע אַפּלאָדיסמענטען.)

דר. אַנטאָנאָווסקי לעזט פאָר אַ באַגריסונגס־בריף פון די פּאַציענטען אין סאַניטאַריום, וועלכער לעזט זיך ווי פאָלגט:

„פריינד דעלעגאַטען: —

מיר, די פּאַציענטען פון אונזער סאַניטאַריום, באַגריסען אייך, דעלעגאַטען צו דער 22־טער קאָנווענשאָן און ווינשען אייך ערפאָלג אין אייער אַרבעט. מיר ווייסען, פריינד, אַז אייער אַרבעט איז ניט קיין לייכטע און פאָלקאָמענהייט איז אין אַלגעמיין אוממעגליך, דאָך פאַרלאַנגען מיר, אַז איר זאָלט אָננעמען אַלע מעגליכע מיטלען צו פאַרלייכטערען אונזער לעבען אין סאַניטאַריום, און אויך אין זינען האָבען אונטער וועלכע אומשטענדען די מערסטע פּאַציענטען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום.

מיר ווייסען ניט, צי איר וועט פאַרהאַנדלען ביי דער קאָנווענשאָן די פאַרלענגערונג פון דער צייט אין סאַניטאַריום און וועגען בויען אַ באַזונדער ביבליאָטעק און רעקריאַיישאָן האָל. אונזער וואונטש איז, אַז ניט נאָר זאָל עס פאַרהאַנדעלט און באַשלאָסען ווערען, נאָר איר זאָלט טאַקע זען, אַז עס זאָל אויך פאַרווירקליכט ווערען אין לעבען.

אונזער געאַכטעטער און באַליבטער דאָקטאָר אַנטאָנאָווסקי ווענדט אָן אַלעס מעגליכעס צו פאַרלייכטערען דאָ אונזער לעבען. איר, דעלעגאַטען, מוזט איהם, דעם דאָקטאָר, צו הילף קומען, אום אונז, פּאַציענטען, דאָס לעבען צו פאַרלייכטערען.

האָפענדיג, אַז איר וועט אונזער פאַרלאַנג זיכער דערפילען, ווינטשען מיר אייך ערפאָלג אין אייער אַרבעט.

לאַנג לעבען זאָל דער אַרבעטער־רינג!

די פּאַציענטען פון דעם אַ. ר. סאַניטאַריום.

עס ווערען געשטעלט אינטערפּעלאַציעס צום באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

הייפּערלינג, פון ניו־יאָרק, פרעגט: נאָכדעם ווי דער טשערמאַן האָט באַריכטעט, אַז דער קאָנצערט פאַר דער פּיפּעלס רעליף איז דורכגעפירט געוואָרען דורך די פּאַציענטען אין סאַניטאַריום, ווי קומט דאָס וואָס די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע האָט געהאַט אַ באַצאָלטען אָרגאַנייזער די דאָזיגע אַרבעט צו טאָן?

מאַטלין, ניו־יאָרק, פרעגט: אויב דער בילדינג פאָנד האָט אַ סורפּלוס אין געלט, וואָרום רעקאָמענדירט ניט די קאָמיטע קלענער צו מאַכען דעם אַסעסמענט פון קאָנסאָמפּשאָן און בילדינג פאָנדס?

שאַפּיראָ, פון פילאַדעלפיע, פרעגט: צי וועלען די מיטגלידער פון לייבאָר־ליג קענען זיך באַנוצען מיט צוויי מאָל סאַניטאַריום?

שניידער, קעמדען בר. 362: וויפיל איז דער דורכשניטליכער קאָסט פון אַ פּאַציענט דעם יאָר אין פאַרגלייך מיט דעם קאָסט פון 1920־1921? ער פרעגט אויך, וואָרום האָט מען ניט אַריינגענומען לעווינען, וועלכער האָט אַפּעלירט צו דער נ. ב. א. ד. מען זאָל איהם אַריינגעמען?

אשינסקי פרעגט: וויפיל וואָלט געדאַרפט קאָסטען צו פאַרלענגערען די צייט פון פּאַציענטען?

רייס, קאָנעקטיקוט: וואָרום בויט ניט די סאַניטאַריום קאָמיטע אַ רעקריאַיישאָן בילדינג, ווען געלט איז דאָ גענוג אויף דעם? זיין צווייטע פראַגע איז: עס איז אמת, אַז קאָנצערטען זיינען זייער שיין, אָבער דענקט ניט די סאַניטאַריום קאָמיטע, אַז זיי זיינען שעדליך צו דעם געזונט פון די פּאַציענטען?

יאפע, ניו־בראָנזוויק, בעט דעם טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע צו געבען מער איינצעלהייטען פון דער טשיקען פאַרם פון סאַניטאַריום.

בערקאָוויטש, ניו־יאָרק, וויל וויסען, וואָרום טרייט ניט די סאַניטאַריום קאָמיטע צו מאַכען לייכטער צוצוקומען פאַר קרובים, וואָס קומען באַזוכען די פּאַציענטען אין סאַניטאַריום?

פינקעלשטיין, שיקאַגאָ, וויל וויסען, אויב עס וועט באַשלאָסען ווערען, אַז מען וועט אַריינגעמען נאָענטע קרובים פון מיטגלידער פון אַ. ר. סאַניטאַריום, וויפיל וועלען די צאָלונגען דאַרפען זיין?

ראַפּקין, ניו־יאָרק: וויפיל פּלאַץ, דענקט די קאָמיטע, איז דאָ אַריינצונעמען קרובים פון מיטגלידער אין סאַניטאַריום?

קאַצענבערג, ניו־יאָרק, פרעגט: וואָרום שטעלט ניט די סאַניטאַריום קאָמיטע צו אין איר באַריכט די סטאַטיסטיקס פון קאָסטען אויפצוהאַלטען אַ קראַנקען אין אַנדערע סאַניטאַריומס?

אשפּיז ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס:

אין דער פראַגע, וואָרום מיר ברענגען ניט סטאַטיסטיקס פון אַנדערע סאַניטאַריומס צו פאַרגלייכען מיט אונזערע קאָסטען, דערקלער איך, אַז אונזער סאַניטאַריום ווערט געפירט אונטער אַנדערע אומשטענדען ווי אַלע אַנדערע סאַניטאַריומס. מיר זיינען דער אַ. ר., און זאַכען, וועלכע קענען געטאָן ווערען פון אַנדערע סאַניטאַריומס, קענען אָבער אונטער קיין אומשטענדען ניט געטאָן ווערען ביי אונז. צום ביישפּיל, די פראַגע פון אָנגעשטעלטע. מיר מוזען צאָלען פרייזען, אַז די מענטשען וועלכע אַרבעטען ביי אונז זאָלען מאַכען אַן אָנשטענדיגען לעבען. דאָס זעלבע איז אויך מיט שפּייז און פּראָדוקטען, וועלכע מיר קויפען, מוזען זיין פון דעם בעסטען סאָרט.

מען פרעגט מיר, וויפיל פּלאַץ עס וועט זיין פאַר נאָענטע קרובים. די פראַגע איז שווער צו ענטפערען, ווייל היינט צו טאָג זיינען אין סאַניטאַריום פאַראַן 58 קראַנקע. לעצטען יאָר אין דער צייט זיינען געווען פיל מער. עס איז ניט אָפּהענגיג אָן אונז. איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז עס איז דאָ נאָך פּלאַץ פאַר אַ באַדייטענדע צאָל קראַנקע.

איך פאַרשטיי, אַז ווען מיר איז געשטעלט געוואָרען די פראַגע צו פאַרלייכטערען פאַר די קרובים צוצוקומען צו באַזוכען די קראַנקע אין סאַניטאַריום, מיינט דאָס, אַז מיר זאָלען דערפאַר באַצאָלען. מיר האָבען אָבער ניט קיין פאָנדס דערפאַר.

די פראַגע, וויפיל עס וועט דאַרפען קאָסטען פאַר אַ קרוב פון אַ מיטגליד פון אַ. ר. אַריינגענומען צו ווערען אין סאַניטאַריום, ווייסט איר דאָך, אַז מיר האָבען איצט פרויען פון מיטגלידער אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען און מיר רעכענען ניט קיין צו הויכע פרייזען.

פאַרוואָס מיר בויען ניט קיין רעקריאַיישאָן בילדינג, פאַר־

שטייט איר דאָך, אז דאָס איז א פראגע, וועלכע דאַרף גוטגעהייסען ווערען פון קאָנוועגשאָן, און דערפאַר ברענגען מיר דאָס צו אייך.

פאַרוואָס פאַרקלענערען מיר ניט די צאָלונגען פאַר'ן בילדינגס פאָנד, פּשוט דערפאַר, ווייל מיר פילען, אז מיר וועלען פריער אָדער שפּעטער מוזען בויען א רעקריאיישאָן בילדינג און אויך פאַרריכטען דעם לייק. מיר קענען אויך ניט פאַרגרעסערען די צייט פון מער ווי 9 מאָנאַטען סאַניטאַריום, ווייל דאָס וואָלט געמיינט גרעסערע צאָלונגען פאַר די מיטגלידער און אונטער איצטיגע אומשטענדען איז דאָס אוממעגליך.

וועגען די לייבאָר־ליג מיטגלידער דעקלערט פר. אשפּיז, אז זיי זיינען איצט מיטגלידער פון א. ר. און אלס אזעלכע קענען זיי מער ווי איין מאָל אין סאַניטאַריום ניט זיין.

מען האָט מיר דאָ געפרעגט, וואָרום האָט די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע באַצאָלט שכירות פאַר אַראַנזשירען דעם קאָנצערט אין ליבערטי, ווערענד די גאַנצע אַרבעט איז געטאָן געוואָרען פון די פּאַציענטען. עס איז זיכער, אז די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט דערפאַר ניט באַצאָלט, און מיר מישען זיך ניט אין די אינערליכע ביזנעס פון דער פּיפּעלס רעליף.

פאַראָלסקי, פון סאַליוואַן קאונטי, פרעגט, וואָרום מיר האָבען זיך מיט זיי ניט בעראַטען וועגען דעם טשיקען־פאַרם. ערשטענס, האָבען מיר ניט געוואוסט, אז פר. פאַראָלסקי אָדער אַנדערע מיטגלידער אין יענעם געגענט ווייסען פיל וועגען אונזער טשיקען־פאַרם. מיר וועלען אָבער מיט פאַרגעניגען צו יעדער צייט נעמען זיין עצה, ווען עס וועט נאָר זיין צום פאַרדינסט פון סאַניטאַריום.

וועגען דער קאָאָפּעראַטיוו אינשורענס, איז די געשיכטע פאָלגענדע: וואָלטען מיר מיט דעם וואָס מיר ווערען מיטגלידער אין די קאָאָפּעראַטיווען ניט געוואָרען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די מעגליכע שאָדענס, וואָס קענען פּאַסירען אין יענער געגענט, וואָלטען מיר דאָס זיכער געטאָן. מיר קענען אָבער דאָס ניט טאָן דערפאַר, ווייל דעם א. ר. קען דאָס אמאָל אביסעל צו טייער קאָסטען.

דער באַריכט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט איבערגעגעבען צו דער קאָמיטע אוו רעפּאָרטס.

פר. ראָבערטס לעזט פאַר טעלעגראַמעס פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און ברענטשעס פון א. ר.

פר. מאַקס פיין, פון ניו־יאָרק, ווערט ערווויילט אלס טשערמאָן פון דער נעקסטער זיצונג און פר. ליבערמאַן, פון ווילקעסבאַר, אלס וויים־טשערמאָן; דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

## פינפטע זיצונג

די פינפטע זיצונג ווערט ערעפענט 2 א זייגער נאָכמיטאָג מיט פר. מאַקס פיין, פון בר. 201, אלס טשערמאַן, און ליבערמאַן, פון בר. 113, ווילקעסבאַר, אלס וויים־טשערמאַן.

פר. יאַקאָבי גיט אָפּ דעם באַריכט פון דער בענעפיט קאָמ.

ער באַגריסט די קאָנוועגשאָן אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער בענעפיט קאָמיטע און זאָגט:

עס ליגט איצט פאַר א רעקאָמענדאַציע פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע אין גאַנצען אָפּצושאַפען די בענעפיט קאָמיטע און פאַרשמעלצען איר מיט דער אָפּיס קאָמיטע. מען באַטראַכט אונז, אז מיר טוען ניט קיין וויכטיגע אַרבעט פאַר דעם א. ר. אין דער אמת'ן איז אָבער די אַרבעט פון דער בענעפיט קאָמיטע גאַנץ וויכטיג. אין פאַרלויף פון יאָר האָבען מיר פאַרהאַנדעלט 400 קייסעס, אַרום הונדערט קאָמיטעס פון ברענטשעס האָבען זיך געווענדט צו אונז, מיר זאָלען זיי קלאָר מאַכען געוויסע פּונקטען וועגען אויסצאָלען בענעפיטס. מיר האָבען באַזוכט 76 ברענטשעס צו געבען אינפאָרמאַציע אָדער קלאָר מאַכען געוויסע פּונקטען. פון אָט די פאַקטען קענט איר זען, אז די בענעפיט קאָמיטע איז איינע פון טעטיגסטע קאָמיטעס אין דער פאַרוואַלטונג.

געגען די אַנטשיידונגען, וועלכע מיר האָבען אַרויסגעגעבען, זיינען 6 קייסעס אַפּעלירט געוואָרען צו דער גריוועגס קאָמיטע. 3 פון אונזערע אַנטשיידונגען זיינען גוטגעהייסען געוואָרען און 3 זיינען צוריקגעוויזען געוואָרען, אָבוואָל מיר זיינען נאָך איצטער אויך איבערצייגט, אז מיר זיינען געווען גערעכט.

מיר האָבען היינטיגס יאָר געדאַרפט פאַנאַנדערטיילען $5,000, וועלכע די לעצטע קאָנוועגשאָן האָט באַשלאָסען צו שטיצען. פאַר ניו־יאָרק האָבען מיר צעטיילט $2,900 צו די פאָלגענדע האָספּיטאַלס:

| | |
|---|---|
| בית ישראל — — — — — — — | $800 |
| לבנון — — — — — — — | $200 |
| מאונט ציון — — — — — — | $300 |
| בית משה — — — — — — | $300 |
| בראָנזוויל — — — — — — | $300 |
| סט. דזשאָזעף — — — — — | $200 |
| מאָנטעפיאָרע האָום — — — — | $500 |
| דזשואיש האָום פאַר קאָנוואַלעס. | $400 |
| סך הכל ניו־יאָרק — — | $2,900 |

אויסער ניו־יאָרק איז די שטיצע פאַרטיילט געוואָרען דורך די רעקאָמענדאַציעס פון די אָרטיגע דיסטריקט קאָמיטעס. האָספּיטאַלס אין די גרעסערע שטעט האָבען מיר געשטיצט ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| פּעטערסאָן — — — — — — — | $200 |
| שיקאַגאָ — — — — — — — | $500 |
| טאָראָנטאָ — — — — — — — | $200 |
| מאָנטעראַל — — — — — — — | $200 |
| פּעטערסאָן — — — — — — — | $200 |
| נואַרק — — — — — — — | $200 |
| פילאַדעלפיע — — — — — — | $500 |

וועגען דעם בעניפיט פאָנד אין אלגעמיין, קענען מיר אייך באַריכטען: אין יאָר 1921 האָבען 8,135 מיטגלידער געצויגען קראַנקען־בענעפיט. 30,291 וואָכען צו $6, און 1,847 צו $3. עס איז אויסגעצאָלט געוואָרען די סומע פון $187,287 און דערויף איז אַריינגעקומען די סומע פון $256,963.25, פאַרבלייבט א סורפּלוס פון $69,678 פאַר דעם יאָר 1921, צוזאַמען מיט דעם פאַראַיאָריגען סורפּלוס האָט איצטער דער קראַנקען־בענעפיט פאָנד 225 טויזענט דאָלאַר. מיר דענקען דעריבער, אז עס וואָלט געווען ניט מער ווי רעכט, אז די קראַנקע מיטגלידער זאָלען זיין בארעכטיגט צו $8 א וואָך פאַר דעם צווייטען און דריטען יאָר. דאָס וואָלט ניט שטאַרק אָנגערירט אונזער פאָנד און פאַר די אומגליקליכע קראַנקע וואָלט עס געווען זייער א גרויסע הילף.

פר. יאַקאָבי באַריכטעט אויך וועגען דער טעטיגקייט פון די מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע, וועלכע האָבען באַזוכט קראַנקע פון פרעמדע שטעט און האָבען זיי געהאָלפען מיט ערמוטיגונג און ראַט. ער שליסט זיין רעפּאָרט מיט דער האָפנונג, אז די בענעפיט קאָמיטע וועט בלייבען א זעלבסטשטענדיגער דעפּאַרטמענט אין א. ר.

עס ווערען דאָן געשטעלט פראַגען:

הייפּערלינג, ניו־יאָרק, ווי האָט די העכערונג פון 15 סענט א קוואַרטאַל זיך אָפּגערופען אויף דעם סורפּלוס פון קראַנקען־בעניפיט פאָנד?

פלאַקס, ניו־יאָרק: צי וועט דער סורפּלוס זיין גענוג אום אויסצוצאָלען קראַנקע פון צווייטען און דריטען יאָר צו $8?

האַלפּערן, ניו־יאָרק: האָט די בענעפיט קאָמיטע גוט אויסגעשטודירט די פראַגע וועגען העכערען דעם קראַנקען־בענעפיט דעם צווייטען און דריטען יאָר אויף $8?

קאַפּסקי, ווירדזשיניא: צי קען ניט פון די 15־סענטיגע געשאַפען ווערען א רעזערוו פאָנד צו שטיצען די כראָנישע קראַנקע?

בראָדי, ניו־יאָרק: רעכענט מען זיך ניט מיט דעם ראַט פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד.

פר. יאַקאָבי ענטפערט אויף אַלע פראַגען צופרידענשטעלענד. ער דייטעט אָן, אז דער בענעפיט פאָנד האָט א גרויסען סורפּלוס און מיר דענקען, אז מיר קענען זיך דערלויבען צו פאַרגרעסערען אונזערע בענעפיטס. היינטיגס יאָר האָבען מיר געהאַט פיל קייסעס פון דער „פליו". ווען ניט די „פליו", וואָלט דער סורפּלוס פון בענעפיט פאָנד געווען נאָך גרעסער.

פר. גאָלדין פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, פון ניו־יאָרק, באַגריסט די קאָנוועגשאָן. ער דענקט, אז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז ניט נאָר א לאָקאַלע ניו־יאָרק אינסטיטוציע, נאָר ער ברענגט נוצען פאַר דעם גאַנצען לאַנד. 308 קייסעס פון אַנדערע שטעט האָבען זיך צו זיי געווענדט, זיי זאָלען פאַר זיי קריגען ספּעציאַליסטען. דער דעפּאַרטמענט איז איצט גענוג גרויס און האָט זיין אייגענעם אָפּיס. זיי פאַרהאַנדלען מיט

־ענטיסטען און אויגען ספעציאַליסטען, וועמעס דינסטען עס וועט זיין זייער ניצליך פאַר די מיטגלידער פון אַ. ר. זיי פאַרהאַנדלען אויך מיט אַ האָספּיטאַל, אין וועלכען עס זאָל שטיין ספּעציעלע בעטען פאַר אַ. ר. קראַנקע. ער האָפט, אַז רער דעפּאַרטמענט וועט ווערען איין גיכען אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע פאַר אַלע ברענטשעס פון לאַנד.

פר. בעצאַהלער פון דער קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט: צוצולאָזען פאַרטרעטער פון אידישען ברענטש לייבאָר־פּאַרטיי פון קענעדע און פון דער אַלגעמיינער לייבאָר־פּאַרטיי. ער באַריכטעט אויך, אַז דר. סינגאַלאָפּסקי פון דער געזעלשאַפט „אָרט" האָט זיך צו זיי געווענדט צו אַפּעלירען צו דער קאָנווענשאָן פאַר שטיצע פון אָט דער אָרגאַניזאַציע. נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז דר. סינגאַלאָפּסקי האָט שוין באַגריסט די קאָנווענשאָן, איז אָבער דער פאַקט, אַז ער איז אַן אויסלענדישער גאַסט און קומט אַהער מיט אַ וויכטיגער מיסיע, פון אַ זייער וויכטיגער אינסטיטוציע, אַז די געזעלשאַפט „אָרט" איז רעקאָמענדירט די קאָמיטע צו דערלויבען דר. סינגאַלאָפּסקי איבערצוגעבען דעם פאַרלאַנג פון זיין געזעלשאַפט. זיי רעקאָמענדירען אויך צוצולאָזען פאַרטרעטער פון דעם טאָראָנטאָ אידישען פאַראיין פון דער דזשואיש היברו אייד סאָסייעטי. די קרעדענשעל קאָמיטע רעקאָמענדירט אויך איבערצוגעבען אַן אַפּיל פאַר שטיצע פאַר דער האָום און קינדער־שולען פון טאָראָנטאָ צו דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע. אַלע רעקאָמענדאַציעס ווערען גוטגעהייסען.

פר. מ. לעווינסאָן באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון אַלע אַ. ר. שולען. ער זאָגט: די אַ. ר. שולען זיינען איצט געוואָרען אַ זייער וויכטיגע אינסטיטוציע אין דעם לעבען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. אונזערע מיטגלידער ווילען, אַז זייערע קינדער זאָלען זיי פאַרשטיין, זאָלען פאַרשטיין זייערע אידעאַלען און וויסען זייערע שטרעבונגען. די אַ. ר. שולען נעמען אַוועק די קינדער פון די תלמוד תורות, וואו מען לערנט זיי אויס בלויז זאָגען קדיש און גיבען זיי אַן ערציאונג אין אַ ראַדיקאַלען, סאָציאַליסטישען גייסט.

עס ווערט פאַרגענומען דער רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פר. ל. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, באַריכטעט:

ווען מיר האָבען איבערגענומען אונזער אמט, האָבען מיר געהאַט פיל אורזאַכען זיך צו שרעקען. מיר האָבען זיך געשראָקען פאַר די פולע רייטס, וועלכע זיינען איינגעפירט געוואָרען לעצטען יאָר. מיר האָבען זיך געשראָקען פאַר דעם גרויסען קריזיס, וועלכער הערשט איבער דעם גאַנצען לאַנד. אָבער די אַלע שוועריגקייטען האָבען אונז ניט אַנטמוטיגט. מיר האָבען זיך גענומען פאַר אונזערע קאַמפּיינס. נאָר דעם יאָר זיינען אונזערע קמאַפּיינס געוועזען ניט אַזוי פיל פאַר נייע מיטגלידער, נאָר אויפצוהאַלטען די צאָל, וועלכע מיר האָבען שוין געהאַט, און מיר האָבען אין דעם געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג.

מיר האָבען היינטיגס יאָר אָפּגעשאַפט די פּרעזענטען, וועלכע עס פלעגען געגעבען ווערען צו אַ. ר. מיטגלידער פאַר אריינקריגען נייע מיטגלידער. מיר דענקען, אַז דאָס איז די פליכט פון יעדען מיטגליד צו טאָן אָרגאַניזאַציאָנס ארבעט פאַר דעם אַ. ר. און ניט קריגען דערפאַר באַצאָלט. מיר, די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, קריגען פאַר אונזער ארבעט ניט באַצאָלט און דאָך טוען מיר אונזער פליכט פאַר דעם אַ. ר. און ווילען דאָס יעדער אַ. ר. מיטגליד זאָל אויך טאָן זיין פליכט אין די אינטערעסען פון אַ. ר.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז דער לעבענס־נעהוו פון אַ. ר. מיר דאַרפען אַלע מאָל אויפמונטערען, אויפלעבען און באַגייסטערען אונזערע מיטגלידער פאַר די שיינע אידעאַלען, פאַר וועלכע אונזער באַליבטע אָרגאַניזאַציע, דער אַ. ר., שטייט.

אויסער דעם קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער, האָבען מיר געהאַט אַנדערע קאַמפּיינס. מיר האָבען געהאַט אַ קאַמפּיין פאַר רוסלאַנד. נאַטירליך זיינען די קאַמפּיינס, צוליב די שווערע צייטען, ניט געווען ערפאָלגרייך. אָבער, ניט קוקענדיג אויף דעם איז אונז געלונגען אריבערצושיקען אין סאָוויעט־רוסלאַנד פאַר אַ גרויסער סומע געלט פּראָדוקטען פאַר די הונגער־ליידענדע פון יענער אומגליקליכער לאַנד.

די רייבונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען צווישען די „לינקע און די „רעכטע", האָבען זיך לײדער זייער פיל אָפּגערופען אויף אונזער טעטיגקייט. אַלס אַ. ר. מיטגלידער דאַרפען מיר זיין פריער פון אַלץ לאָיאַל צו אונזער אָרגאַניזאַציע. ליידער פאַרשטייען דאָס ניט פיל ברענטשעס. די מייסטע אונאַנגענעמליכקייטען האָבען מיר געהאַט אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

וויפיל האָפנונגען האָבען מיר געלייגט אויף אָט דעם סטייט! ווי גרויס איז געווען אונזער שמחה, ווען מיר האָבען געקראָגען דעם לאַנג־ערוואַרטעטען טשאַרטער! אָבער ליידער זיינען מיר אַנטוישט געוואָרען. פאַר מאַסאַטשוזעטס סטייט האָבען מיר פאַרווענדט פיל מער ענערגיע ווי פאַר אַנדערע סטייטס און די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, פאַרשטייער פון אַ. ר., זיינען דאָרטען באַליידיגט געוואָרען, זיינען אויסגעלאַכט געוואָרען. מיר האָבען פּרובירט צו זיין צו זיי אַזוי מילד ווי מעגליך. מיר האָבען גענומען אין אנבאַטראַכט זייער אומדערפאַרענקייט, אָבער עד היום זיינען נאָך די סכסוכים ניט אויסגעגליכען געוואָרען און די ברענטשעס פון אָט די סטייטס פאַרשאַפען דורך די רייסערייען און צווייסטיגקייטען ניט קיין צופיל כבוד פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע.

איבער אַנדערע דיסטריקט קאָמיטעס האָבען מיר זיך ניט וואָס צו באַקלאָגען. אין נעגענטייל, זיי האָבען געטאָן אַלץ אום מיטצוהעלפען אין אונזער ריזיגער אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. אַ ספּעציעלע אַנערקענונג פאַרדינט די דיסטריקט סיטי קאָמיטע פון ניו־יאָרק, וועלכע האָט געטאָן גלענצענדע ארבעט און טראָץ די שוועריגקייטען איז זיי געלונגען צו אָרגאַניזירען אין ניו־יאָרק אַכט ברענטשעס.

היינטיגס יאָר איז אונז געלונגען צו באַזוכען איינינגע ווייטע שטעט. דער טשערמאַן פון אַ. ר., ר. גוסקין, וועלכער איז געווען אין דענווער צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַ. פּ. ל. און מיר האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט צו באַזוכען די ברענטשעס פון די ווייטסטע געגענטען. פר. סימאָנס, דער דירעקטאָר פון קאַליפאָרניע סטייט, האָט אויך געטאָן גוטע ארבעט. מיר אַליין האָבען געמאַכט אָרגאַניזאַציאָנס־טורס ווי ווייט אונזערע פאָנדס האָבען דערלויבט. אין אַלע פלעצער זיינען די פאָרשטייער פון דער עקזעקוטיוו אויפגענומען געוואָרען מיט באַגייסטערונג, אויסער אין אַ פּאָר שטעט, וואו דער קאַמף פון „לינקע" און „רעכטע" איז פאָרגעקומען.

אין אַלגעמיין איז אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־ארבעט געווען זייער גרויס. אין פעטערסאָן האָבען מיר געמאַכט אַ קאַמפּיין פאַר אַ גאַנצע וואָך. מיר האָבען געזען אויסצונוצען אַלע מעגליכקייטען אום צוצוציען אַלע אידישע ארבעטער צו אונזער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אַן אָרגאַניזאַציע פון קלאַסען־באַוואוסטע ארבעטער.

פר. דינערשטיין באַדאַנקט די דיסטריקט קאָמיטעס פאַר דער מיטהילף, וואָס זיי האָבען געלייסטעט אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־ארבעט און ער אַפּעלירט צו אַלע דעלעגאַטען פאַר אייניגקייט.

עס ווערען אויפגענומען אינטערפּעלאַציעס צו דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פר. קאַהאַנאָוויטש, באָסטאָן, פאַרלאַנגט מען זאָל געבען די דעלעגאַטען אין באָסטאָן אַ געלעגענהייט צו דערקלערען זייער שטאַנדפּונקט.

פר. גוסקין דערקלערט, אַז טענות קענען איבערגעגעבען ווערען צו קאָמיטעס אַן רעפּאָרט. איצט קענען בלויז אויפגענומען ווערען פראַגען.

קאַהאַנאָוויטש פרעגט: וואָרום איז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ קאָמיטע, וועלכע איז ניט געווען אָפיציעל? וואָרום האָט מען ניט באַוויליגט דעם אַדווערטייזמענט פאַר דעם ראָשען רעליף סאָוועניר? צי קען דער באַריכט־אָפּגעבער אַרויפלייגען די האַנט אויף'ן האַרצען און זאָגען, אַז אַלע זיינע סטייטמענטס וועגען מאַסאַטשוזעטס, און ספּעציעל וועגען באָסטאָן, זיינען אמת.

קאַלקין, דעטראָיט: וואָרום ווערען ניט אויפגעלייזט ברענטשעס, וועלכע זיינען ניט טריי דעם אַ. ר.?

סאָל. עפּשטיין, קאַליפאָרניע: צי קען פר. דינערשטיין אָנצייגען אויף דער ארבעט וואָס סיימאָנס האָט דאָרטען געטאָן? אים איז אַזעלכע ארבעט ניט באַקאַנט.

וואָלף, נעבראַסקאַ: וואָרום האָט פר. גוסקין ניט באַזוכט דעם ברענטש פון אָמאַהאַ?

פרידמאַן, באָסטאָן: וואָרום האָט פר. דינערשטיין ניט באַריכטעט, וואָס די דיסטריקט קאָמיטע אין באָסטאָן האָט געהאַנדעלט לויט די דירעקטיוועס פון די ברענטשעס? וואָרום

האָט מען געשטערט די ארבעט פאַר דער נייער צייזלונג פון די „לינקע"?

שטאַלער, וואשינגטאָן: צי קען דער אָפיס צווינגען צו שיקען געלט פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד נאָך דורך דעם אָפיס?

גאָלדבערג, טשעלסי: וואָרום האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע ערוואַרט אַזוי פיל ריגיזע ארבעט אין מאַסאַטשוזעטס? וואָרום האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע איגנאָרירט די באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע?

לעווין, ספּרינגפילד: וואָס האָט מען געטאָן פאַר אַנדערע שטעטלאַך אויסער באָסטאָן?

גאָלדבערג, מאַסס.: צי האָט די עקזעקוטיוו קאָמיטע געשיקט פר. בולגאַטש זיי צו באַגריסען?

פר. שער, פון טאָראָנטאָ פאָלקס־פאַראיין, באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער אינסטיטוציע און אַפּעלירט פאַר שטיצע.

פר. וואָלאָס, טשערמאַן פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, לעזט פאָר די ערשטע רעזאָלוציע, וועלכע דריקט אויס דעם געדאַנק, אַז דעם יאָר זאָל אָנגעווענדעט ווערען דער פּרינציפּ פון עקאָנאָמיע. די רעזאָלוציע לייענט זיך ווי פאָלגט:

„מיר אַנערקענען, אַז די אַלגעמיינע געדריקטע עקאָנאָמישע לאַגע אין אַמעריקע האָט פאַראורזאַכט אַ מערצאָל געשטראָכענע מיטגלידער לעצטען יאָר, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע יאָרען.

און מיר אַנערקענען דערום די נויטווענדיגקייט פון אָננעמען די נייטיגע מיטלען צו רעדוצירען אונזערע צאָלונגען צו דעם מעגליכען מינימום.

מיר רעקאָמענדירען דערום, אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַאויפטראַגען די פאַרשידענע קאָנווענשאָן קאָמיטעס, וועלכע דאַרפען באַטראַכטען דעם צושטאַנד פון אונזערע פאָנדס, און אויסאַרבעטען די בודזשעטען פאַר'ן קומענדען יאָר, אויסצואַרבעטען אַזעלכע רעקאָמענדאַציעס, וואָס זאָלען מעגליך מאַכען די פאַרקלענערונג פון אונזערע בילס."

פר. דינערשטיין ענטפערט אויף די אינטערפּעלאַציעס:

„איבער די אַלגעמיינע פראַגען פון א. ר. וועט אייך האָבען אַ געלעגענהייט צו ענטפערען דער טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע. עס איז זיך אָבער כדאי אָפּצושטעלען אויף איינינע פונקטען. פר. קאַהאַנאָוויטש מאַכט אַזאַ אומשולדיגען פּנים און פרעגט, צי עס איז אמת דער סטייטמענט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע איז באַליידיגט געוואָרען. ווער פון אייך ווייס נאָך אַזוי פיל וויפיל ביטערקייט און אונאַנגענעמליכקייטען מיר זיינען אויסגעשטאַנען דורך דעם, וואָס די באָסטאָנער ברענטשעס האָבען געוואָלט אריינשלעפּען אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגען אין א. ר. מיר האָבען אייך ניט באַווילינט דעם אַדווערטייזמענט אין דער צייט ווען איר האָט אונז בלויז נעגעבען פיר טעג דאָס צו באַטראַכטען. צוליב אַזאַ זאַך האָבען מיר קיין ספּעציעלען מיטינג ניט געקענט איינרופען און איר האָט געקענט מענעדזשען אַזוי, אַז אייער פאַרלאַנג זאָל קומען צו אונז אין־צייט."

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס צו שליכטען אַלע צווייסטיגקייטען אום אויסצומיידען טראָבעל אַפילו ווען זיי האָבען געדאַרפט פאַרבייגען זייער כבוד. ער אַפּעלירט צו אַלע מיטגלידער, זיי זאָלען זיין איינינג און מאַכען דעם א. ר. פאַר דער גרעסטער און שענסטער אינסטיטוציע אויף דער אידישער גאַס. וועגען פר. בולגאַטשען, באַמערקט פר. דינערשטיין, אַז אַלס אַלטער טוער איז ער געפאָרען אויף זיין אייגענער איניציאַטיווע און ער איז פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע ניט געשיקט געוואָרען.

עס ווערען דאָן פאָרגעלייענט איינינע טעלעגראַמעס פון די פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס: ניו־יאָרק דזשאָינט באָרד אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס, די לייבאָר פּאָבליקיישאָן סאָסייעטי, דזשיימס מאורער.

דר. א. סינגאַלאָווסקי, פאַרטרעטער פון „אָרט", קריגט דאָס וואָרט. ער זאָגט:

„איך בין געגליכען צו אַ מענטשען, וועלכען מען האָט אין אַ געפערליכער צייט געשיקט אין אַ ווייטער שליחות, איז ער געגאַנגען לאַנד איין לאַנד אויס, פון ברעג צו ברעג, איבער ים און יבשה, און ווען ער האָט האַלב טויט און האַלב לעבעדיג סוף כל סוף דערגרייכט זיין ציל, געקומען צום פּלאַץ, איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרען דער לשון . . . דאָס הייסט, רעדען קען איך נאָך ברוך השם, אָבער — איך נאָר ניט.

איך האָב גאָרנישט געגען דער קרעדענשעל קאָמיטע, וואָס האָט באַשרענקט מיין צייט אויף פינף מינוט. זי איז גערעכט, און איר משפט איז גערעכט, נאָר דאָך בעט איך, אַז על דעת המקום ועל דעת הקהל, מיט דער ערלויבניש פון טשערמאַן, און מיט דער צושטימונג פון דער פאַרזאַמלונג, זאָל מען מיר ניט שטערען, אויב איך וועל רעדען מער ווי פינף מינוט.

מען רעדט דאָ זייער פיל וועגען קאָנסטרוקטיווער אַרבעט. עס ווערט אָבער ווייניג געטאָן. מיר זיינען ניט קיין שנאָרער פון געבורט אָן. גרינדעט פאַר אונז ניט קיין „סומך נופלים", נאָר שטיצט אונזער איניציאַטיווע און אונזערע אייגענע אָרגאַניזאַציעס. אונזער חורבן איז גרויס. טויזענטער וואַנדערער וואַלגערען זיך אַרום איבער דער גאַנצער וועלט און עס איז געקומען שוין אַזוי פיל, אַז די אומגליקליכע באַטראַכטען רומעניע פאַר אַ פּלאַץ פון שוץ און מקום מנוחה. אַלע אונזערע צרות וועלען ניט פאַרשוואונדען ווערען בל זמן מיר וועלען ניט שטעלען אונזער לעבען אויף דעם יסוד פון אַרבעט. מיר זיינען געווען אַ פאָלק פון לופט־מענטשען, און די מלחמה האָט ביז אונז צוגענומען דעם באָדען פון אונזערע פיס. איצט מוזען מיר זיך צו אייך, אַמעריקאַנער ברידער, ווענדען פאַר הילף, און מיר בעטען אייך: מאַכט אונז ניט פאַר קיין אייביגע שנאָרער. לאָזט אונז ווערען זעלבסטשטענדיגע מענטשען, וועלכע קענען זיך זעלבסט ערנערען.

טויזענטער קינדער וואַלגערען זיך אַרום אָן קיין שום ערציאונג. ווען מיר זאָלען זיי אַזוי לאָזען, וועלען זיי אויסוואַקסען פיזישע און גייסטיגע קאַליקעס.

מיר דאַרפען זיי העלפען, זיי זאָלען אויסוואַקסען זעלבסטשטענדיגע, ניצליכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט און זיי זאָלען זיין אַ כבוד פאַר אונז אַלעמען."

דר. סינגאַלאָווסקי דערציילט ווייטער פון דער ריזיגער אַרבעט, וועלכע די געזעלשאַפט „אָרט" טוט אויף אָט דעם געביט:

„פון די מיליאָנען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען אין מזרח־אייראָפּע פון אַמעריקע, איז לוידער נאָך קיין אַנשטאַלט ניט געשאַפען געוואָרען, וועלכע זאָל מאַכען די רואינירטע אידען זעלבסטשטענדיג, אַז זיי זאָלען ניט אייביג הענגען דעם אַמעריקאַנעם פעטער אויף די פּלייצעס. די באַשיידענע, אָבער סאָלידע געזעלשאַפט „אָרט", וועלכע איז אין פאַרגלייך מיט די רייכע הילפס־אָרגאַניזאַציעס זייער אָרעם, האָט דאָך באַוויזען עפּעס ממשות'דיגעס צו שאַפען, ווייל זי איז אויפגעבויט געוואָרען אויף די דעמאָקראַטישע גרונדלאַגען פון דער אידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד.

דער „אָרט" עקזיסטירט שוין אַ האַלב יאָרהונדערט. אין אים זיינען פאַרטראָטען אַלע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג. יעדע גרופּע לייגט אַריין אין דער אַרבעט אָן אַנדער כונה. דער ציוניסט וויל שאַפען פון דעם לופט־מענטשען נוצליכע בירגער פאַר דעם לאַנד פון זיין האָפענונג; דער סאָציאַליסט ווייסט, אַז מיט קרעמער און לופט־מענטשען מאַכט מען ניט קיין סאָציאַליזם; דער בורזשואַזער אינטעליגענט וויל מאַכען די אידישע מאַסען פאַר עקאָנאָמיש פּראָדוקטיווע עלעמענטען, אום זיי זאָלען קריגען גלייכע פּאָליטישע רעכטען. אָבער, ניט קוקענדיג אויף די פּאָליטישע מיינונגען, אַרבעטען אַלע אין איין ריכטונג צו פאַרוואַנדלען די נויטבאַדערפטיגע אין מענטשען, וועלכע קענען געפינען זייער חיונה מיט זייערע אייגענע כחות.

דער פאַרבאַנד פון „אָרט" באַשטייט פון 40 לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילען, ליטע, לעטלאַנד, רומעניע און בוקאָווינע. אַ חוץ דעם אַרבעט ער אין קאָנטאַקט מיט פיר ראַיאָנע קאָמיטעטען פון „אָרט" אין סאָוויעט־רוסלאַנד און אוקראַינע.

פאַר די לעצטע אַנדערהאַלבען יאָר האָט זי פאַרזאָרגט מיט מאַשינען איבער 1800 האַנדווערקער. מיר האָבען געגרינדעט און באַזאָרגט מיט געצייג 52 אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוון. פאַר די פליכטלינגע האָבען מיר געשאַפען הילף דורך אַרבעט. מיר האָבען אויך אין פיל גרעסערע שטעט געגרינדעט אַרבעטס־פאַרמיטלונג אָפיסעס; געגרינדעט אַ גאַנצע רייע פון וואַרשטאַטען פאַר היימלאָזע אין פּוילען און אין בעסאַראַביע. מיר האָבען אויך געגרינדעט קורסען, וואו אַרבעטער זאָלען זיך אויסלערנען אַ לייכטע באַשעפטיגונג.

דר. סינגאַלאָווסקי ציינט אויך אָן אויף די פאַקטען, וואָס שטאָטישע אידען זיינען געצוואונגען געוואָרען צו ווערען ערד־אַרבעטער. ניט פון ראָמאַנטישע געפילען, נאָר די שרעקליכע נויט האָט זיי דערצו געצוואונגען. און איצטער איז די שטרעבונג צו ערד־אַרבעט זייער אויסגעוואַקסען.

„די אידישע פאַרטרעטער פון אַמעריקע, וועלכע קענען פיליכט זיין גוטע געשעפטסלייט אין זייער אייגענעם לאַנד, רעכענען ניט גענוג די באַדינגונגען פון אונזער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע. די אַרבעט דאַרף געטאָן ווערען דורך אונזערע אָרגאַניזאַציעס.

איך אַפּעליר צו דעם מעכטיגען א. ר. מיטצוהעלפען די אַרבעט פון „אָרט", ניט נאָר מיט רעזאָלוציעס, נאָר אויך מיט ממשות'דיגער הילף."

פר. פיין, דער טשערמאַן, דערלויבט זיך צו מאַכען אַ באַמערקונג. ער באַמערקט, אַז דר. סינגאַלאָווסקיס רעדע, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען זייער אַ שיינע, אַנטהאַלט זי אָבער ניט דעם גאַנצען אמת אין באַצוג צו דער הילף, וועלכע די אַמעריקאַנער אידישע באַפעלקערונג האָט געלייסטעט פאַר רוסלאַנד.

דר. סינגאלאפסקי דערקלערט, אז ער האט דורכאויס ניט געמיינט צו פארקלענערען דעם פארדינסט פון דעם אמעריקאנער אידענטום. ער האט אבער געוואלט אנצייגען אויף די פאקטען ווי זיי זיינען פון דעם שטאנדפונקט פון א אידען פון מזרח־אייראפע, וועלכער איז גוט באקאנט מיט אלע באדינגונגען.

עס ווערט פארגענומען וואלען פאר טשערמאן און וויים־טשערמאן. פר. מ. רייס, ניו־הייווען, ווערט ערוויילט אלס טשערמאן און פר. עבעריל, ניו־יארק, אלס וויים־טשערמאן.

## זעקסטע זיצונג

די 6־טע זיצונג ווערט ערעפענט מיטוואך, 10 א זייגער מארגענס, מיט פר. וויים, ניו־הייווען, אלס שערמאן און עבעריל, ניו־יארק, אלס וויים־טשערמאן.

די קרעדענשעל קאמיטע רעקאמענדירט צוצולאזען פאלגענדע פארשטייער: לייבאר לייסעאום פון טאראנטא און פיפעלס רעליף קאמיטע. זיי רעקאמענדירען אויך איבערצוגעבען דעם צושריפט פון דער קאמיטע פאר ביכער פון רוסלאנד און אויך די קרעדענשעלס פון נאטשוראליזיישאן אייד ליג צו דער רעזאלוציאנס קאמיטע.

דער טשערמאן שטעלט דאן פאר גענאסע אלעקסאנדער קאהן, פון דער פיפעלס רעליף קאמיטע. ער ווערט ווארים אויפגענומען פון די דעלעגאטען און ער זאגט צווישען אנדערעס:

„איך קום איצט צו דער קאנווענשאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי און ביי דער געלעגענהייט וויל איך איבערגעבען פאר די דעלעגאטען פון א. ר. קאנווענשאן עטליכע באשלוסען פון דער ס. פ. קאנווענשאן. טראץ דעם וואס עס איז געווען א קליינע קאנווענשאן, אדער בעסער געזאגט, א צוזאמענפאר פון אקטיווע טוער פון דער סאציאליסטישער באוועגונג, האבען מיר אבער געטאן גוטע, גרויסע ארבעט. דער וויכטיגסטער באשלוס, נאך מיין מיינונג, וואס מען האט אנגענומען, איז וואס מיר האבען באשלאסען זיך אנצושליסען אן דעם ווינער אינטערנאציאנאל. (גרויסער אפלאוז.) מיר האבען אויך באשלאסען צו נעמען א קלארע שטעלונג צו אנדערע צווייגען פון דער באוועגונג. איך בין זיכער, אז אונזער באשלוס וועט געבען א מעגליכקייט צו שאפען א שטארקע און איינפלוסרייכע ארבעטער־באוועגונג דא אין אמעריקע. איך וויל זיך אבער דא אפשטעלען אויף דער ארבעט פון דער פיפעלס רעליף, וועלכע איך פארטרעט. אנדערע דענקען, אז די ארבעט פון דער פיפעלס רעליף איז שוין צו ענד. דערלויבט מיר אייך צו זאגען, אז אויב די פיפעלס רעליף זאל איצט אויפגעבען איר ארבעט פאר קולטור אין פוילען און אין אנדערע לענדער, וועלען זיך פיל קינדער־שולען און ארבעטער־היימען מוזען צומאכען. איצט מער ווי אלע מאל דארפען מיר אויסשטרעקען א ברידערליכע האנט צו יענע אנשטאלטען, וועלכע נייטיגען זיך אין דער אמעריקאנער הילף. מיר האבען ביז איצט אוועקגעשיקט 254 טויזענט דאלאר צו די צענטראלע קערפערשאפטען אין פארשידענע לענדער פאר קולטורעלער ארבעט.

דאס איז אבער בלויז אן אנפאנג פון דער ארבעט. מיר פירען איצט אן א געצייג־קאמפיין, און ווייסענדיג די גוטע ארבעט, וואס דער א. ר. האט אלע מאל געטאן אין אלע קאמפיינס אונזערע, אפעלירען מיר צו אייך צו טאן אלעס מעגליכעס צו מאכען אט דעם קאמפיין פאר אן ערפאלג.“

פר. מ. גילים, פארטרעטער פון דער פיפעלס רעליף, אפעלירט צו די דעלעגאטען, אז זיי זאלען זען מאכען דעם געצייג־קאמפיין פון א מיליאן דאלאר פאר סאוויעט־רוסלאנד און אוקראינע פאר אן ערפאלג.

„מען שטעלט מיך דא פאר אלס א פארטרעטער פון דער פיפעלס רעליף קאמיטע. ווער איז דען די פיפעלס רעליף קאמיטע, ווען ניט איר און אנדערע ארבעטער־ארגאניזאציעס? ביז איצט האט די פיפעלס רעליף קאמיטע אוועקגעשיקט פאר עטליכע מיליאן קליידער און שפייז. די ארבעטער פון רוסלאנד און אוקראינע שרייען אבער צו אונז, אז זיי ווילען ניט קיין נדבות, זיי ווילען געצייג, זיי ווילען ארבעטען און מאכען א לעבען, זיי דארפען אבער האבען מאשינען און אנדערע מכשירים צו דער ארבעט. מיר מוזען זיי דאס געבען.“

עס ווערט פארגענומען דער באריכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע. פר. ר. גוסקין, טשערמאן, פאנגט אן זיין באריכט און זאגט פאלגענדעס:

אין דעם רעפארט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע וועט מיר פיליכט אויסקומען צו בארירען איינציגע זאכען, וועלכע זיינען שוין אנגערירט געווארען אין די באריכטען פון די פארשידענע דעפארטמענט קאמיטעס. איך וועל אויף ווי ווייט מעגליך פרובירען ניט צו ווידערהאלען דאס, וואס עס איז שוין געזאגט געווארען אין זייערע באריכטען. עס קען אויך זיין, אז מיר וועט אויסקומען צוצוזעצען אין מיין אלגעמיינעם רעפארט פארשידענע איינצעלהייטען, וועלכע זיינען אין זייערע רעפארטס דורכגעלאזען געווארען.

די אלגעמיינע ארבעט פון דער עקזעקוטיוו איז, וואס אין איר פראגראם גייט אריין די גאנצע טעטיגקייט פון אלע קאמיטעס. די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע האט אלס איר אויפגאבע דורכצופירען באשלוסען לויט די אינסטרוקציעס פון קאנווענשאנס, און אויך אויפצונעמען נייע פלענער פאר דער ווייטערדיגער טעטיגקייט פון אונזער ארגאניזאציע. איך קען מיט צופרידענהייט באריכטען, אז די עקזעקוטיווע פון היינטיגען יאר האט דורכגעפירט אלע אירע פונקציעס און האט געטאן א יאר ארבעט לויט אירע פעאיגקייטען, לויט די אומשטענדען און לויט די באדינגונגען פון דער צייט.

די לעצטע קאנווענשאן האט אנגענומען דעם באשלוס און גוטגעהייסען דעם קאנטראקט, וואס איז אויסגעארבעט געווארען פון אונזערע ליגעל אדווייזערס וועגען דער פאראייניגונג מיט דעם לייבאר־ליג. עס איז איבעריג פאר מיר צו זאגען, אז די דאזיגע ארבעט איז פאלשטענדיג דורכגעפירט געווארען אין אלע פרטים צו דער צופרידענהייט פון ביידע ארגאניזאציעס. די אינסטאליישאנס פון די לייבאר־ליג ברענטשעס זיינען פארגעקומען אנפאנג סעפטעמבער פון לעצטען יאר און זיינען דורכגעפירט געווארען פון די פארטרעטער פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע, פון דער אפיס קאמיטע און פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע. איך וויל זיך ניט אפשטעלען אויף דער רוטינער ארבעט, וואס איז געווען פארבונדען מיט דער פאראייניגונג, ווייל דאס וועט איר געפינען אין די געדרוקטע רעפארטס פון דער אפיס קאמיטע און פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע. איך וויל בלויז זאגען, אז מיט אט דער פאראייניגונג איז פארענדיגט געווארען דער לעצטער קאפיטעל פון דער א. ר. געשיכטע פון מאסאטשוזעטס סטייט.

אין צוזאמענהאנג מיט דער פאראייניגונג האט די לעצטע קאנווענשאן אנגענומען א רעזאלוציע און אינסטרואירט די נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע צו זען, אז דער סעקרעטער פון לייבאר־ליג, פר. ס. יאנאס, וועלכער איז יארען לאנג געשטאנען מיט דעם לייבאר־ליג און געהאלפען אז דער א. ר. זאל ענדליך קענען דערגרייכען זיין ציל, צו ווערען געזעצליך אין מאסאטשוזעטס, זאל מאטעריעל ניט ליידען דורך דעם, וואס דער לייבאר־ליג ווערט אויפגעלייזט און ער פארבלייבט פארלויפיג אן א באשעפטיגונג. מיר האבען זיך גערעכענט מיט דעם וואונטש פון דער קאנווענשאן און מיר האבען באשלאסען צו פרעזענטירען פר. יאנאס מיט $1500.

מיר האבען אויך אוועקגעשיקט צום אינדרעפענדענט א. ר. די רעזאלוציע, וועלכע איז אנגענומען געווארען ביי דער לעצטער קאנווענשאן, וואס האט גערופען דעם אינדרעפענדענט א. ר. צו פאראייניגען זיך מיט'ן א. ר. און אלס ענטפער האבען מיר געקראגען א רעזאלוציע פון דער קאנווענשאן פון אינדרעפענדענט א. ר., וועלכע איז געדרוקט אינ'ם עקזעקוטיוו באריכט אין מאי נומער „פריינד“.

עס איז ניט מיין ארבעט זיך אריינצולאזען אין די מאטיווען און איינצעלהייטען, פארוואס דער אינדרעפענדענט א. ר. האט ניט אנגענומען אונזער פאראייניגונג־פארשלאג. מעגליך, אז זיי האבען דערביי געהאט אין זינען זייערע באזונדערע קלייזעל־אינטערעסען; איך וויל אבער בלויז צוגעבען, אז מיר קענען אויף קיינעם ניט ארויפצווינגען קיין פריינדשאפט, אבוואל מיר זיינען שטענדיג גרייט אויפצונעמען א פריינדליכען פארשלאג וועגען פאראייניגען זיך מיט אן ענליכער ארבעטער־ארגאניזאציע, וועלכע האט דיזעלבע שטרעבונגען און צילען, וואס דער א.ר.

איידער מיר האבען אנגעפאנגען צוצוטרעטען צו דער פראקטישער ארבעט פון ארגאניזירען אונזער מיטגלידערשאפט קאמפיין און די קאמפיינס פון די פארשידענע רעליפס, האבען מיר זיך אנגעשטויסען אין פאלגענדער פאסירונג: אין דער צייט ווען דער קאנווענשאן רעפערענדום איז נעגאנגען צו די ברענטשעס פאר אפשטימונג, האט א געוויסער ברענטש אין ניו־יארק ארויסגעלאזט א צושריפט צו אלע אונזערע ברענטשעס און געמאכט א געוואלד, אז די לעצטע קאנווענשאן האט אפגעשאפט אלע דעמאקראטישע איינריכטונגען, אלע זיינע פרינציפיעלע אנשויאונגען, צוליב דעם וואס מען האט נעקראגען א טשארטער אין מאסאטשוזעטס סטייט. דער בריף פון אט דעם ברענטש איז געווען געשריבען אין אזא טאן, אז עס האט געקענט אויף פיל פון אונזערע ברענטשעס מאכען דעם איינדרוק, אז דאס איז ווירקליך אזוי. און איר ווייסט דאך אליין, אז ווען

מען גייט ארויס און מען שרייט, אז מען האט אפגעשאפט דעמאקראטיע, געפינען זיך אלע מאל בעלנים, וואס זיינען גרייט צו מאכען דערפון א זאגענאנטע באוועגונג. דער רעזולטאט איז געווען, אז אין מאנאט אויגוסט איז אין ניו־יארק אפגעהאלטען געווארען א קאנפערענץ פון א. ר. ברענטשעס, צו וועלכען מען האט אגב די נאצ. עקזעקוטיווו ניט איינגעלאדען, און דארט איז געבוירען געווארען די זאגענאנטע 15־נער קאמיטע, וועלכע האט זיך דערנאך ארויסגעלאזט ראטעווען דעם א. ר.

איך וויל זיך דא ניט אפשטעלען אויף די מעטאדען און מיטלען, וועלכע די 15־נער קאמיטע האט אנגעווענדט מיט זייער „אויפקלערונגס“־ארבעט. אין דעם געדרוקטען רעפארט פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע אין דעם מאי נומער „פריינד“ האבען מיר שוין טיילווייז וועגען דעם אנגעוויזען; אבער דא זיצען דעלעגאטען פון ניו־יארק, פילאדעלפיע און אנדערע טיילען פון לאנד, וועלכע ווייסען וואס פאר א סארט אויפקלערונגס־ארבעט אט די 15־נער קאמיטע האט געטאן. זיי האבען פארשפרייט א נעץ פון ליגענס און רכילות און זיך ניט אפגעשטעלט פון קיין מיטלען צו פארשמוצען און פארלוימדען די נאצ. באארד און דירעקטארען און די נאצ. עקזעקוטיווו קאמיטע פון לעצטען יאר און פון דעם יאר. זייער געשריי, אז די באסטאנער קאנווענשאן האט פארשאכערט אונזערע פרינציפען צוליב מאסאטשוזעטס, איז דורכאויס פאלש און ניט באגרינדעט. וועגען דער פרינציפען־ערקלערונג פון א. ר. האט געהאנדעלט די 20־טע קאנווענשאן אין נואַרק, וואו עס איז אנגענומען געווארען א נייע פרינציפען־ערקלערונג, וועלכע זאל זיין אין איינקלאנג מיט די פראטוירנאל־אינשורענס געזעצען פון אלע סטייטס. די ברייטע מיטגלידערשאפט אין א. ר. האט אבער אט די פרינציפען־ערקלערונג ניט אנגענומען ביי דער רעפערענדום־אפשטימונג און עס איז פארשטאנען געווארען ביי דער 20־טער קאנווענשאן, אז אויב די דאזיגע פרינציפען־ערקלערונג ווערט ניט גוטגעהייסען, זאל דער א. ר. פארלויפיג, ביז די לאגע אין לאנד וועט זיך ענדערען, בלייבען אן א פרינציפען־ערקלערונג. עס איז געווען נאריש און לעכערליך צו באשולדיגען אירגענד וועלכע אינסטאנץ פון דער א. ר. פארוואלטונג אין דעם, וואס דער א. ר. האט ניט קיין פרינציפען־ערקלערונג, ווען דאס איז געווען דער באשלוס פון א קאנווענשאן און רעפערענדום.

אין דעם קאמף פון דער 15־נער קאמיטע איז אבער געווען פארוויקעלט ניט די פראגע וועגען דעמאקראטיע און פרינציפען, נאר, ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעצייגט, איז דער דאזיגער קאמף געפירט געווארען מיט דעם צוועק אריינצוברענגען מיסטרויען און אומצופרידענהייט געגען דער איצטיגער פארוואלטונג פון א. ר. די 15־ער קאמיטע איז פשוט געווען א געצייג אין די הענט פון די, וועלכע האבען אין זינען געהאט דורכצופירען אין א. ר. פאליסים פון א ריכטונג, וואס האט זיך אונטערגענומען צו צעברעכען די איינינקייט פון די אידישע ארבעטער־רייען, און אלס פאקט צו אט דער באהויפטונג קאן דינען דאס, וואס כמעט אלע ברענטשעס, וועלכע זיינען געווען אנגעשלאסען אן דער 15־ער קאמיטע, האבען זיך צוריקגעצויגען, ווייל די אינטערעסען פון א. ר. זיינען ביי זיי געווען פיל טייערער, ווי די אינטערעסען פון יענע מענטשען, וועלכע זוכען ארויפצוצווינגען זייער דיקטאטור אין א. ר. מיר זיינען געווען פארטראטען ביי איניגע קאנפערענצען אין ניו־יארק, פילאדעלפיע און ביי איינצעלנע ברענטשעס, וואו עס האט זיך געהאנדעלט די פראגע וועגען דער 15־ער קאמיטע, אבער, דעם אמת געזאגט, האט מען מיט די דאזיגע מענטשען ניט געקאנט ארגומענטירען.

די 15־ער קאמיטע האט געפירט איר אגיטאציע ניט אין איינקלאנג מיט די טראדיציעס פון א. ר. די שמוץ־ווארפעניש און די פארלוימדונגען, וואס זיי האבען געמאכט, האבען ארויסגערופען ביי די לאיאלע מיטגלידער פון א. ר. אן אומאנגענעמען געפיל געגען זיי און די 15־ער קאמיטע איז געשטארבען מיט א נאטירליכען טויט.

וועגען אונזער קאמפיין פון נייע מיטגלידער און די רעזולטאטען פון אט דעם קאמפיין האט שוין די ארגאניזאציאנס קאמיטע באריכטעט. איך וויל זיך דא אפשטעלען בלויז אויף פאלגענדעס: אבוואל די לאגע אין לאנד איז דעם היינטיגען יאר ניט געווען קיין גינסטיגע, און טראץ דעם, וואס די אטמאספערע אין אונזערע אייגענע רייען איז ניט געווען קיין קלארע, די רייסערייען איבער פארטיי סכסוכים, וואס זיינען אנגעגאנגען אין מאנכע שטעט פון די פארשידענע ריכטונגען, וועלכע האבען אויך פיל געשטערט אונזער ארגאניזאציאנס קאמפיין, דאך האבען מיר זיך ניט וואס צו שעמען, ווען מיר וועלען זאגען, אז דער א. ר. האט היינטיגען יאר אריינגענומען 10 טויזענט נייע מיטגלידער. אמת, צוליב דער עקאנאמישער לאגע זיינען פיל מיטגלידער געשטראכען געווארען. און דער דיינער צואוואוקס פון מיטגלידער איז ניט אזוי גרויס ווי אין די פריערדיגע יארען, אבער ווען מען פארגלייכט דאס צו די אנדערע אידישע ארדענס, וועלכע האבען היינטיגען יאר פארלארען צענדליגע טויזענטער מיטגלידער, מעגען מיר שטאלץ זיין אויף די רעזולטאטען פון אונזער ארבעט, וועלכע איז געפירט געווארען מיט ענערגיע פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע צוזאמען מיט דער ארגאניזאציאנס קאמיטע און מיט דער הילף פון אלע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס איבער'ן לאנד.

איך גיב צו, אז מיר קומען היינטיגען יאר צו דער קאנווענשאן מיט 265 מיטגלידער ווינציגער ווי לעצטען יאר (ניט אריינגערעכענדיג די נייע 3000 מיטגלידער פון ל. ל.), אבער, ווי געזאגט, וואלט דער יאר געווען א נארמאלער, די אומשטענדען בעסערע און גינסטיגערע, וואלט דער וואוקס פון דעם א. ר. אויך געגאנגען אין זיין נארמאלען וועג.

איך וויל אין מיין באריכט אויך קלאר! מאכען די פראגע וועגען דער פאסירונג, וואס איז פארגעקומען אין פארבינדונג מיט דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע. ס'איז וויכטיג, נאכדעם ווי די עקזעקוטיוו קאמיטע און אונזער גענ.־סעקרעטאר, פר. באסקין, זיינען אזוי שטארק אטאקארט געווארען. די נאצ. עקזעקוטיווו קאמיטע איז איינגעלאדען געווארען צו שיקען א פראטוירנאל דעלעגאט צו דער קאנווענשאן פון דער פעדעראציע. וויסענדיג, אז ביי דער קאנווענשאן וועט פארקומען די פראגע, אז די אידישע סאצ. פעד. זאל זיך אפשפאלטען פון דער איר. סאצ. פארטיי פון אמעריקע, האבען מיר אינסטרואירט אונזער פארטרעטער פר. באסקין, אז ווען ער וועט באגריסען די קאנווענשאן אין נאמען פון דער נאצ. עקזעקוטיווו קאמיטע, זאל ער אויסדריקען אונזער וואונטש, אז די אידישע סאצ. פעד. זאל ניט ברעכען די איינינקייט פון דער ארבעטער־באוועגונג און בלייבען אין דער סאציאליסטישער פארטיי. פר. באסקין האט אונזער שליחות דורכגעפירט. ווען עס איז אבער געקומען דער מאמענט, און די קאנווענשאן פון דער אידישער סאצ. פעד. האט מיט א קליינער מאיאריטעט באשלאסען ארויסצוגיין פון דער פארטיי, און די מינאריטעט האט פארלאזען די קאנווענשאן, זיינען אוועק אין אן אנדער האל און האבען געגרינדעט דעם אידישען סאצ. פארבאנד, האט פר. באסקין אין זיין אייגענעם נאמען באגריסט די ניי־געגרינדעטע ארגאניזאציע.

די פראטעסטען, וואס זיינען געקומען פון די ברענטשעס וועגען דעם, זיינען געווען ניט קיין באגרינדעטע. די עקזעקוטיוו דענקט, אז יעדער איינער פון די באאמטע פון א. ר. האט א רעכט צו זיין מיינונג. פונקט ווי ביילין, דער רעדאקטאר פון „פריינד“, און גליבטער, רעקארדינג סעקרעטער, האבען א רעכט צו באלאנגען צו זייער ריכטונג, און ארויסטרעטען עפענטליך און רעדען ביי עפענטליכע מיטינגען וועגען זייערע אנשויאונגען, אזוי האט באסקין א רעכט אין זיין אייגענעם נאמען צו באגריסען די ריכטונג, מיט וועלכע ער איז איינפארשטאנען. יעדענפאלס האבען די ברענטשעס, וועלכע האבען פראטעסטירט און געמאכט וועגען אט דער פראגע אזא טומעל, פריער געמעגט אנפרעגען ביי דער עקזעקוטיוו וועגען די מיספארשטענדניסען, וואס זיינען דא פארגעקומען, און ניט ארויסגיין מיט פראטעסטען, איידער זיי האבען אויסגעהערט דעם צווייטען צד.

די בענעפיט קאמיטע האט רעקאמענדירט אין איר רעפארט, אז פאר דעם צווייטען און דריטען יאר זאל מען צאלען צו 8 דאלאר א וואך. זיי רענקען, אז צוליב דעם וואס אין דעם בענעפיט פאנד איז דא אן אומגעהייער גרויסער סורפלוס, דערייבער וועט מעגליך זיין צו קענען מאכען אט די צאלונגען און ניט דארפען ארויפלייגען אויף די מיטגלידער קיין העכערען טעקס. עס איז פאר מיר אנגענעם ווידערצושפרעכען א מיינונג פון אן אנדער קאמיטע, איך וויל אבער זאגען, אז לויט דער אויסרעכענונג פון אונזער קאסע, שיינט עס, אז די דאזיגע צאלונגען קענען ניט געמאכט ווערען. מיר מוזען זיך רעכענען מיט דעם פאקט, אז פון פיל סטייטס, ספעציעל קענערע, זיינען שוין איצט דא פאדערונגען, אז די סיסטעם פון קראנקען־בענעפיט זאל געפירט ווערען אויף א וויסענשאפטליכען אופן, דאס הייסט, אז די מיטגלידער זאלען צאלען פאר קראנקען־בענעפיט לויט זייערע יארען, און עס איז דערפאר נייטיג, אז דער סורפלוס פון בענעפיט פאנד זאל זיין וואס שטארקער.

פר. גוסקין שטעלט זיך אָפּ אין זיין רעפּאָרט וועגען דער אַרבעט וואָס די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אָנגעפירט פאַר די רעליפס, פאַר די רוסישע הונגער־ליידענדע, ווי אויך פאַר די אידישע מלחמה־קרבנות.

ווען עס איז געקומען דער רוף פאַר הילף פאַר די מיליאָנען הונגער־ליידענדע אין רוסלאַנד, האָט דעמאָלט די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע גערופען אַ קאָנפערענץ. די עקזעקוטיוו איז ביי דער קאָנפערענץ געווען פאַרטראָטען, און ווען די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען, אַז די געלט־זאַמלונגען זאָלען גיין בלויז פאַר די אידען אין רוסלאַנד, האָט די עקזעקוטיוו באַשלאָסען אָנצופירען אַ זעלבסטשטענדיגען קאַמפּיין פאַר די הונגעריגע אין רוסלאַנד. די געלדער זאָלען געשיקט ווערען פאַר רוסלאַנד אין אַלגעמיין, און אויך פאַר די אידען. מיר האָבען גלייך גערופען אַ קאָנפערענץ פון די ברענטשעס אין ניו־יאָרק און זיי דערקלערט אונזער שטעלונג און באַשלוס פון אָט דער פראַגע. מיר האָבען אַפּעלירט צו דער קאָנפערענץ, אַז אַלע זאָלען זיך אַריינוואַרפען אין דער אַרבעט צו שאַפען שנעלע הילף פאַר די הונגער־ליידענדע. אָבער אויך ביי אָט דער קאָנפערענץ האָבען איינ יגע מענטשען, צוליב פּאָליטישע מאָטיווען, געשטעלט זיך געגען דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיווע און באַשלאָסען, אַז די געשאַפענע געלט זאָל גיין בלויז פאַר רוסלאַנד אין אַלגעמיין. דאָס האָט שוין אַרויסגערופען אומצופרידענהייט פון איינ יגע ברענטשעס. די קאָנפערענץ האָט אויך ערוויילט אַ 25־ער קאָמיטע אָנצופירען אַגיטאַציע אין די ברענטשעס פאַר דעם דאָזיגען צוועק. איך מוז אָבער מיט באַדויערען באַריכטען דעם פאַקט, אַז ניט נאָר האָט די 25־ער קאָמיטע אונז ניט געהאָלפען אין דער אַרבעט, נאָר זי האָט אונז געשטערט. איך קען מיט זיכערהייט זאָגען, אַז ווען ניט אָט די מענטשען, וועלכע האָבען דאָס אויסגענוצט פאַר פּאָליטישע צוועקען, וואָלט דער קאַמפּיין פאַר רוסלאַנד געווען פיל מער ערפאָלגרייך. עס איז זאָגאַר אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז ווען די מיטגלידער פון דער 25־ער קאָמיטע זיינען געקומען צו די ברענטשעס, האָבען זיי, אַנשטאָט צו אַגיטירען פאַר רעליף, נאָר געשאָטען פעך און שוועבעל אויף דער עקזעקוטיווע און אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע פאַר זייערע פּאָליטישע אַנשויאונגען.

אונז איז אָבער דאָך געלונגען מיט דער הילף פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און אויך פון די סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס צו שאַפען די סומע פון 42,396.84 דאָלאַר. איך בין זיכער, אַז עס איז געשאַפען געוואָרען אַ פיל גרעסערע סומע פון די מיטגלידער פון א. ר., נאָר איינ יגע ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס האָבען ניט געוואָלט, אַז דער א. ר. זאָל קריגען קרעדיט פאַר דער אַרבעט. אמת, מיר אַרבעטען ניט בלויז פאַר דעם קרעדיט, מיר האָבען געהאַט אין זינען די מיליאָנען הונגער־ליידענדע. וואָלט דען אָבער ניט שענער געווען, ווען מיר וואָלטען אין נאָמען פון א. ר. געקענט אַוועקשיקען פאַר די הונגער־ליידענדע 100 טויזענט דאָלאַר אַנשטאָט דער אויבענדערמאָנטער סומע?

די מאַסאַטשוזעטס דעלעגאַטען האָבען נעכטען ביים רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַרענטפערט זייער טאַט דערמיט, וואָס די מאַיאָריטעט ברענטשעס אין זייער שטאַט האָבען באַשלאָסען ניט צו שיקען זייערע געקליבענע געלדער דורך דעם אָפיס. זיי פאַרגעסען אָבער, אַז די גרויסע מערהייט ברענטשעס האָבען באַשלאָסען יאָ צו שיקען דורכ'ן אָפיס. זייער מאַיאָריטעט איז הייליג און מיט אונזער מערהייט ווילען זיי זיך ניט רעכענען. אויב איר זייט אַזעלכע דעמאָקראַטען, האָט איר זיך געדאַרפט אונטערוואַרפען אונטער דעם ווילען און באַשלוס פון די ברענטשעס איבער'ן גאַנצען לאַנד. און ווען איך רעד שוין וועגען דער מאַסאַטשוזעטסער דיסטריקט קאָמיטע, האָב איך אין זינען די טאָראָנטאָ דיסטריקטקאָמיטע. עס איז אמת, אַז יעדער ברענטש האָט אַ רעכט צו באַשליסען און האַנדלען ווי ער פאַרשטייט, דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס זיינען אָבער אָפיציעלע אָפּטיילונגען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו און מוזען זיך אונטערוואַרפען אונטער די באַשלוסען פון דער עקזעקוטיוו. אויב די קאָמיטעס דענקען, אַז די עקזעקוטיוו האַנדעלט ניט ווי זיי וואָלטען געוואָלט, קענען זיי אָט די אַלע פראַגען, רעזאָלוציעס און באַשלוסען אויפנעמען ביי זייערע ברענטשעס, אָבער אַלם דיסטריקט און סיטי קאָמיטעס מוזען זיי האַנדלען לויט דעם וואונטש פון דער עקזעקוטיוו. פון די געלדער, וועלכע מיר האָבען געשאַפען, האָבען מיר פאַרלויפיג אַוועקגעשיקט 22 טויזענט דאָלאַר דירעקט צו רויטען־קרייץ אין רוסלאַנד, פון וועלכע מיר האָבען שוין דערהאַלטען קבלות פון גען. סאָלאָוויאָוו פון מאָסקווע. 6284 דאָלאַר האָבען מיר אַוועקגעשיקט פאַר די אידישע הונגער־ליידענדע אין רוסלאַנד און 1,500 דאָלאַר פאַר אַ אידישען קינדער־אַנשטאַלט אין רוסלאַנד. אין אָפיס האָבען מיר נאָך אַ סומע פון 19 טויזענט דאָלאַר. מיר האָבען אויך אַוועקגעשיקט אַ סך קליידער און שפּייז, וועלכע זיינען געזאַמעלט געוואָרען פון פאַרשידענע שטעט פון אונזערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס. דאָס אַלץ איז דערהאַלטען געוואָרען אין ריכטיגען פּלאַץ.

מיר האָבען אויך אָפיציעל איבערגענומען די אַרבעט פון אויסשטאַטען אַ האָספּיטאַל אין סאָוויעט־רוסלאַנד אויפ'ן נאָמען פון א. ר. די אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און מיר האָפען, אַז מיט דער מיטהילף פון אונזער גרויסער מיטגלידערשאַפט וועט אונז אין קורצען געלינגען אַזעלכעס דורכצופירען. מיר רעקאָמענדירען אָבער, אַז כדי דאָס זאָל פאַרווירקליכט ווערען, זאָל אַ 10־סענטיגער טעקס אַרויפגעליינט ווערען אויף די מיטגלידער פאַר דעם צוועק.

אויסער דעם האָבען מיר געפירט אַ קאַמפּיין פאַר דער „האיאס", און טראָץ דעם, וואָס מיר ווייסען, אַז מיר מוזען זיין עקאָנאָמיש ביי דער דאָזיגער קאָנווענשאָן, דענקען מיר אָבער, אַז פאַר דער אָרגאַניזאַציע וועט די קאָנווענשאָן מוזען טאָן אַלעס מעגליכעס כדי זיי צו העלפען. ערלויבט מיר אייך צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער „האיאס". נאָך מיין מיינונג נאָך, און נאָך דער מיינונג פון דער עקזעקוטיוו, איז אָט די אינסטיטוציע איינע פון די וויכטיגסטע אויף דער אידישער גאַס, וועלכע טרייט צו פאַרבינדען דעם אידישען אימיגראַנט מיט זיינע פריינד דאָ אין אַמעריקע. אונזער קאַמפּיין פאַר זיי איז ליידער געווען ניט קיין ערפאָלגרייכער, און די עקזעקוטיוו רעקאָמענדירט דערום אַ טעקס אויף אַ געוויסער סומע.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אויך אַ טיכטיגען אַנטייל גענומען צוזאַמען מיט אַנדערע טיילען פון דער באַוועגונג אין דער פייערונג פון דעם 50־יעריגען יובילעאום פון גען. מאיר לאָנדאָן. מיר פילען, אַז מאיר לאָנדאָן, אָפּגעבענדיג אַזוי פיל יאָרען פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און אַלס ליגעל אַדווייזער פון א. ר. בפרט, האָט ער דאָס ביי אונז ערליך פאַרדינט, און מיר האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס צו מאַכען דעם יובילעאום פאַר אַן ערפאָלג.

די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אויך אַנטייל גענומען אין דער פייערונג פון דעם 25־יעריגען יובילעאום פון דער גרעסטער אידישער טעגליכער אַרבעטער־צייטונג, דער „פאָרווערטס".

איך וויל דאָ ניט אָנפירען קיין אַגיטאַציע פאַר'ן „פאָרווערטס", אָבער מיר האָבען געפילט, אַז דער „פאָרווערטס" טוט אימער די אויפקלערונגס־אַרבעט צווישען די אידישע מאַסען. דער „פאָרווערטס" האָט געהאָלפען בויען דעם א. ר., די יוניאָנס, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און איז אין אַלגעמיין דער וועגווייזער פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ פּאַסירונג, וועלכע איז ניטאָ אין די געדרוקטע באַריכטען פון דער עקזעקוטיוו. די האַנדלונג האָט זיך געענדיגט ווען דער רעפּאָרט איז שוין געווען אָפּגעדרוקט און די עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסען מינדליך דאָס צו רעפּאָרטען ביי דער קאָנווענשאָן. מיט צוויי יאָר צוריק האָט זיך געגרינדעט אַ „סענטראַל לייבאָר באַדים אָרגאַניזיישאָן", וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען צו אַרבעטען פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. אָט די אָרגאַניזאַציע איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, די אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס און אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. מיט אַ צייט צוריק איז אין אַ געוויסער צייטונג ערשינען אַרטיקלען באַשולדיגענדיג פר. ה. לאַנג, אַ מיטגליד פון אונזער עקזעקוטיוו, אַז ער, זייענדיג אַקטיוו אין דער אויבענדערמאָנטער באַוועגונג, האָט געהאָלפען אָנפירען אַ פייק באַוועגונג. עס איז אויך געוואָרפען געוואָרען אַ חשד אויף זיין ערליכקייט אין יענער באַוועגונג. פר. לאַנג האָט פון אונז פאַרלאַנגט, אַז אַן אונטערזוכונג זאָל אין דעם פאַל געמאַכט ווערען, און טראָץ דעם, וואָס אַ געוויסע צאָל פון דער עקזעקוטיוו זיינען געווען געגען דעם, אַז מיר זאָלען אונטערזוכען אַ קאָמיטע, וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון די געווערקשאַפטען, איז אָבער פר. לאַנג דאָך באַשטאַנען, אַז אַזאַ אונטערזוכונג זאָל געמאַכט ווערען, און אויב שולדיג, זאָל מען אים אויסשליסען פון דער עקזעקוטיוו פון א. ר. אַזאַ קאָמיטע איז ערוויילט געוואָרען פון די פריינד בורגין, דר. גורעוויטש און א. ליעסין. די קאָמיטע

איז אָנגעגאַנגען מיט אירע אונטערזוכונגען פאַר 5 מאָנאַטען צייט, און ווען מיר האָבען ביי פיל מיטינגען געפאָדערט אַ באַריכט פון דער קאָמיטע, האָבען זיי אַלץ דערקלערט, אַז זיי זיינען ניט פאַרטיג מיט קיין באַריכט. אָבער ווען די עקזעקוטיוו האָט לעצטען מאָנאַט באַשלאָסען, אַז אַזאַ באַריכט מוז צוגעשטעלט ווערען בעפאָר דער קאָנווענשאָן, ווייל פר. לאַנג גייט אַרויס פון דער עקזעקוטיוו, האָט צו אונזער איבעררעשונג פר. בורגין רעזיגנירט פון דער עקזעקוטיוו און האָט זיך אויך אַנטזאַגט ווייטער צו דינען אין אָט דער קאָמיטע. איך וויל זיך ניט דאָ אַריינלאָזען אין די מאָטיווען פון דער דאָזיגער האַנדלונג — איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז די עקזעקוטיוו האָט ניט געקענט דערלויבען צו לאָזען בלייבען די קלאַגע הענגען אין דער לופטען. מיר האָבען גערופען אַ ספּעציעלען מיטינג און אַ צווייטע קאָמיטע איז ערוויילט געוואָרען, וועלכע האָט געמאַכט אַ גרינדליכע אונטערזוכונג פון די פּראָטאָקאָלען פון דער פריערדיגער קאָמיטע און אויך אַרויסגערופען צו זייערע מיטינגען די פריינד בורגין, גורעוויטש און ליעסין, און דעם אָנגעקלאָגטען פר. לאַנג. זיי האָבען באַריכטעט, אַז זיי האָבען געקראָגען אַ פולען באַריכט פון אַן אודיטאָר פון אַלע פינאַנצען פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע. נאָך מער, די פריינד בורגין, גורעוויטש און ליעסין האָבען אויסגעדריקט זייער איבעררעשונג און באַוואונדערונג פאַר דער גוטער אַרבעט, וואָס די סענטראַל לייבאָר אַמנעסטיע באַוועגונג האָט אויפגעטאָן צו באַפרייען די פּאָליטישע פריזאָנערס. אָט דער באַריכט איז פון דער עקזעקוטיוו גוטגעהייסען געוואָרען און פר. לאַנג איז דערמיט ערענהאַפט באַפרייט געוואָרען פון די באַשולדיגונגען, וואָס אומפאַראַנטוואָרטליכע מענטשען האָבען אויף אים געמאַכט. איך וויל אויך דאָ באַמערקען, אַז די פריינד דר. גורעוויטש און ליעסין, וועלכע זיינען אַנוועזענד געווען ביי דעם מיטינג פון דער עקזעקוטיוו, האָבען אויך געשטימט גוטצוהייסען דעם באַריכט פון דער נייער קאָמיטע.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס די פעדעראַציע האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ניט געווען איין וואָך, וואו די אָרגאַנען און צייטונגען פון אָט יענער גרופּע זאָלען ניט האָבען אָנגעפירט אַן אַגיטאַציע פאַר העצעס און פאַרלוימדונגען געגען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, ווי אויך געגען איינציגע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו, און ווי מען האָט ניט געוואָלט זיין פריינדליך צו די דאָזיגע צייטונגען, האָבען זיי מיט זייער האַלטונג אַרויפגעצוואונגען אויף אייך אַ שנאה צו זייער באַוועגונג. אָט לעזען מיר אַ גרויסען אויפשריפט אין זייער צייטונג: טאָראָנטער אַרבעטער זיינען אַנטוישט פון דער אַרבעט פון דער קאָנווענשאָן"; אַ צווייטע קעפּעל זען מיר: „די אַרבעטער־רינג מאַשין ביי דער אַרבעט". איך וויל פרעגען די דעלעגאַטען און דערביי אויך די טאָראָנטער אַרבעטער: וואו און ווען האָט די קאָנווענשאָן שוין געטאָן אַזאַ אַרבעט, וואָס מען קען אַנטוישט ווערען. כל זמן אָט די אַרבעט איז אָנגעפירט געוואָרען פון מענטשען אויסער דער עקזעקוטיוו, האָבען מיר זיך ניט געקענט העלפען. מיר האָבען פאַרשטאַנען און געוואוסט זייער ציל פון די אַלע פאַרלוימדונגען און באַשולדיגונגען. און מיר געפינען ניט פאַר נייטיג אויף דעם אַלעמען צו ענטפערען. ווען אָבער אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו קומט אַרויס מיט אַן אָפענעם בריף און גיט אָן אַ רייע באַשולדיגונגען געגען דער עקזעקוטיוו, וויל איך מיט אייער ערלויבניש דאָ איבערגעבען אַ פּאָר פאַקטען:

מיט עטליכע יאָר צוריק זיינען אַ מינאָריטעט פון דער עקזעקוטיוו אַרויסגעטראָטען אין דער פּרעסע מיט באַשולדיגונגען געגען דער מאַיאָריטעט פון יענער עקזעקוטיווע. די עקזעקוטיוו פון יענער צייט האָט דאַן אויסגעשלאָסען די עטליכע מיטגלידער, וועלכע זיינען געווען אונטער דעם בריף אונטערשריבען און די קאָנווענשאָן האָט אָט די האַנדלונג גוטגעהייסען, ווייל יעדער מיטגליד אין אַ. ר., ספּעציעל אַן עקזעקוטיוו מיטגליד, דאַרף וויסען ווי אונזער קאָנסטיטוציע שרייבט פאָר אין אַזעלכע פאַלען. עס זיינען ביי אונז דאָ געזעצליכע אינסטאַנצען, וואו קלאַגען געגען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע קאָנען געמאַכט ווערען. פר. זאַלצמאַן ווייסט דאָס אויך, און דאָך האָט ער זיך באַנוצט מיט אַרויסטרעטען געגען דער עקזעקוטיוו אין דער עפענטליכקייט. פר. זאַלצמאַן קען זיך ניט באַקלאָגען, אַז מען האָט אים חלילה אונטערדריקט אין דער לעצטער עקזעקוטיוו. ער האָט אַלע מאָל געהאַט די פרייהייט צו רעדען איבער אַלץ און ווי לאַנג ער האָט נאָר געוואָלט.

די פראַגע וועגען קליוולאַנד איז גענוג צו דערמאָנען, אַז בר. 79, וועגען וועלכען דער גאַנצער סכסוך איז אַרויסגעקומען, גיט צו, אַז אָט די לעצטע ערוויילטע דעלעגאַטען זיינען די אמת געזעצליכע.

וועגען פּעטערסאָן וויל איך זאָגען, אַז יעדער בראַנטש איז באַרעכטיגט צו אַ צאָל דעלעגאַטען לויט דער מיטגלידערשאַפט, וואָס ער פאַרמאָגט בעפאָר דער קאָנפערענץ, און אויב דער סעקרעטער האָט ניט אַריינגעשיקט די ריאינסטייטע מיטגלידער אין אָפּיס בעפאָר דעם ערשטען יאַנואַר, נעמט דאָס אָבער ניט צו די רעכט פון דעם בראַנטש צו קריגען זיין באַרעכטיגטע צאָל דעלעגאַטען.

אין דער פראַגע וועגען באָסטאָן, וויל איך די באָסטאָנער דעלעגאַטען פרעגען: וויפיל זיינען דאָ פאַרטראָטען דעלעגאַטען פון מאַסאַטשוזעטס? דאַכט זיך, זעקס, און מאַסאַטשוזעטס האָט דריי טויזענט מיטגלידער. נו, זיינען זיי באַרעכטיגט צו זעקס דעלעגאַטען, און אַזוי פיל האָט מען זיי באַוויליגט. וואו איז, אַלזאָ, דער פאַרברעכען, וואָס די עקזעקוטיוו קאָמיטע איז באַגאַנגען מיט דער פאַרטרעטערשאַפט פון מאַסאַטשוזעטס?

טאָלידאָ, זאָגט פר. זאַלצמאַן, האָבען מיר אָפּגעריסען פון דעטראָיט און צוגעשטעלט צו קליוולאַנד. ווייסט דען ניט פר. זאַלצמאַן, אַז מיט אַ צייט צוריק, ביי די וואַלען פון דער נאַצ. באָרד אָוו דירעקטאָרען, איז טאָלידאָ ניט געווען פאַרטראָטען בלויז דערפאַר, ווייל דעטראָיט איז אין אַנדער סטייט, און דאַן איז זייער טענה געווען, וואָרום מען רייסט זיי אַוועק פון זייער סטייט. פר. זאַלצמאַן האָט אויך אונטערשריבען אָט יענעם באַרימטען פּראָטעסט פון דער מינאָריטעט געקריוודעטע דעלעגאַטען פון דער ניו־יאָרקער פאַר־קאָנפערענץ, וואו עס ווערען געמאַכט באַשולדיגונגען און פאַרלוימדונגען, אַז די עקזעקוטיוו האָט „געפּאַקט" די קאָנפערענץ. פר. זאַלצמאַן ווייסט גאַנץ גוט, אַז ביי דער טיר זיינען געשטאַנען מיטגלידער פון דער אָפּיס קאָמיטע, וועלכע האָבען אויפגעפּאַסט, אַז ניט־דעלעגאַטען זאָלען ניט קאָנען אַריינקומען. איינער פון דער קאָמיטע איז דאָך זיינער אַ קאַמעראַד, וועלכער איז אויך געווען אונטערשריבען אונטער דעם באַרימטען דאָקומענט און האָט שפּעטער ביי דער עקזעקוטיוו דערקלערט, אַז ער האָט קיינמאָל דעם צושריפט מיט געהערט פאַרלעזען, זאָנסט וואָלט ער זיין אונטערשריפט ניט געגעבען דערויף. איך האָב ניט קיין פאַראיבעל פערזענליך אויף פר. זאַלצמאַנען, ווייל, ווי ער האָט אָנגעגעבען ביי זיין פאַרטיידיגונג, זיצט ער דאָרט ביי די מיטינגען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, כדי דורכצופירען די פּאָליסיס פון באַשלוסען פון זיין פּאַרטיי. מיר אָבער אַנערקענען ניט קיין פּאַרטייען אין דער עקזעקוטיוו און יעדער מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו מוז פריער פאַר אַלץ האָבען אין זינען די אינטערעסען פון אַ. ר. די עקזעקוטיוו האָט געפונען פר. זאַלצמאַנען שולדיג אין פאַרלוימדונג. מיר באַריכטען דאָס בלויז אַלס איינע פון אונזערע רוטינע אַרבעטען, ווייל פר. זאַלצמאַן האָט דערקלערט, אַז געגען אָט דער אַנטשיידונג אַפּעלירט ער צו דער נאַציאָנאַלער באָרד אָוו דירעקטאָרען.

מען האָט באַשולדיגט די עקזעקוטיוו, וואָרום זי האָט אַרויפגעלאָזט אויפ'ן באַלאָט „סקעבס", מיינענדיג דערביי פר. בולגאַטש, וועלכער איז אַ געוועזענער אַלטער אַקטיווער טוער אין אַ. ר. איך וויל דאָ מאַכען קלאָר, אַז די קאָנווענשאָן איז די העכסטע אינסטאַנץ פון אַ. ר., און ווען די קאָנווענשאָן פון 1917 האָט אַרויסגעטראָגען אַן אורטייל, אין וועלכען בולגאַטש ווערט ריין־געוואַשען, קאָנען מיר אים ניט באַטראַכטען אַלס סקעב, און ער האָט אַ רעכט צו לויפען אין דער פאַרוואַלטונג, פונקט אַזוי ווי יעדער מיטגליד פון אַ. ר.

פר. בענענסאָן, אין זיין רעפּאָרט, האָט אָנגעדייטעט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט ניט אויסגעפאָלגט זייערען אַ באַשלוס אין באַצוג צו דער לעווין־קיים. איך וויל דאָ פעסטשטעלען, אַז לעווין און נאָך איינינע מיטגלידער זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון סאַניטאַריום פון דער עקזעקוטיוו פון 1919, וועלכע האָט געגלויבט, אַז די באַטרעפענדע זיינען שעדליך פאַר דער דיסציפּלין פון סאַניטאַריום. איך וויל ניט אַריינגיין אין איינצעלהייטען אין יענער קיים. אונזער עקזעקוטיוו האָט זיך אָבער גערעכענט מיט דעם באַשלוס פון יענער עקזעקוטיוו, ווערענד די נאַציאָנאַלע באָרד אָוו דירעקטאָרען האָט זיך ניט גערעכענט מיט אונזער צד און האָט אַרויסגעגעבען איר אַנטשיידונג איידער זי האָט אויסגעהערט וואָס מיר האָבען צו זאָגען וועגען דעם.

די עקזעקוטיוו האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַפּילס פאַר דע

ציגאַרען מאַכער יוניאָן, פאַר'ן לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, פאַר'ן דענווער סאַניטאַריום, און מיר נעמען אויך אַ טיכטיגען אַנטייל אין דער קאָנפערענץ פאַר שאַפען ביכער פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד.

מיר האָבען היינטיגען יאָר ווידער ערוויילט פריינדע באָסקין און געליבטער אַלס די סעקרעטאַרען פאַר'ן נעקסטען יאָר. זייער אַרבעט איז געווען צופרידענשטעלענד. וואָלט פר. באָסקין דאָ ניט געזעסען אויף דער פּלאַטפאָרמע, וואָלט איך זיך אפשר ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דער פראַגע און אָנגעציינט, ווי איבערגעגעבען און טריי ער און פר. געליבטער האָבען געדינט די אינטערעסען פון אַ. ר., און אַזוי ווי איך גלויב ניט אין זאָגען יענעמס שבחים אין זיין אנוועזענהייט, וויל איך בלויז אויסדריקען צו זיי אַ דאַנק אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו אַלס אַ גאַנצע און פון יעדער קאָמיטע בפרט פאַר זייער קאָאָפּעראַציע און פריינדליכער מיטהילף אין דער אַרבעט.

אין קורצען, מיינע פריינד, וויל איך זאָגען, אַז אַבוואָל דער גאַנצער יאָר אַרבעט פון דער עקזעקוטיווע איז געווען אַרומגערינגעלט מיט שטערונגען, וואָס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען צוליב רייסערייען און פּאַרטיי סכסוכים און וועלכע האָבען געהינדערט די עקזעקוטיוו אין איר אַרבעט, דאָך קומען מיר צו דער קאָנווענשאָן שטאָלץ מיט דעם באַריכט, אַז מיר האָבען אָפּגעהיט די טראַדיציעס און פּרינציפּען פון דער אָרגאַניזאַציע, געשטאַנען אויף דער וואַך און געזען, אַז די אינערליכע טיילען פון אַ. ר. זאָלען דערפון ניט ליידען.

איך לייקען אַנטשידען אָפּ אַלע אינסינואַציעס און פאַרלוימדונגען, וועלכע זיינען דעם גאַנצען יאָר אויף אונז געמאַכט געוואָרען. איך שליידער צוריק יעדע באַהויפּטונג, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אויף אירגענד וועלכען אופן דירעקט אָדער אינדירעקט גענומען אַנטייל אין אירגענד וועלכע געהיימע מיטינגען, קאָנפערענצען, אָדער קאָקוס־מיטינגען, וואו ס'זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען פראַגען פון ריכטונגען. טריי און איבערגעגעבען זיינען מיר געשטאַנען ביים רודער פון דער אָרגאַניזאַציע און דורכגעפירט אַלע וואונטשען און באַשלוסען פון דער קאָנווענשאָן און פון דער ברייטער מיטגלידערשאַפט. אונזער אַרבעט איז געטאָן געוואָרען געמיינשאַפטליך און האַרמאָניש פון אַלע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס און אַלע צוזאַמען האָבען מיר אין זינען געהאַט בלויז די אינטערעסען פון דעם אַ. ר.

איך האָף, אַז די דעלעגאַטען וועלען אָפּשאַצען אונזער אַרבעט און דאָס וועט געבען אונזערע געגנער און שטערער דעם פאַרדינטען ענטפער. איך באַדאַנק אַלע דעלעגאַטען פאַר דער אויפמערקזאַמקייט און דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט פאַר דעם צוטרוי, וואָס זיי האָבען אונז געשאָנקען, אויסקלייבענדיג אונז אַלס די פאַרשטייער פון דעם דאָזיגען גרויסען, מעכטיגען, הערליכען אַ. ר.

---

די קרעדענשעל קאָמיטע באַריכטעט, אַז זי האָט באַשלאָסען צוצולאָזען אַ פאַרטרעטער פון דער ניו־יאָרק יאָנג פּיפּעלס סאָשעליסט ליג, און אויך פר. ווייגבערג, פאַרטרעטער פון דער „פרייע אַרבייטער שטימע“.

פר. שנאָבעל באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער יאָנג פּיפּעלס סאָשעליסט ליג און מאַכט אַ וואַרימען אַפּיל פאַר מאָראַלע און פינאַנציעלע שטיצע.

פר. ווייגבערג באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער „פרייע אַרבייטער שטימע“. ער זאָגט צווישען אַנדערעס: די „פרייע אַרבייטער שטימע“ איז ניט קיין נייע צייטונג, וועלכע מען דאַרף זי פאַר אייך פאָרשטעלען. די „פרייע אַרבייטער שטימע“ האָט אַלע מאָל געקעמפט פאַר די אינטערעסען פון אַרבעטער־קלאַס און פאַר דער אָפּשאַפונג פון דעם איצטיגען פאַרדאַמטען קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם. ער מאַכט אַ וואַרימען אַפּיל צו די דעלעגאַטען צו שטיצען די „פרייע אַרבייטער שטימע“ מיט אַ ברייטער האַנט.

עס ווערען דאַן געשטעלט פראַגען און אינטערפּעלאַציעס צו דער עקזעקוטיוו.

מאַטלין, ניו־יאָרק, פרעגט: צי דענקט ניט פר. גוסקין, אַז די 15־נער קאָמיטע האָט זיך אַ חוץ מיט דער פראַגע פון פּרינציפּען אויך אָפּגעגעבען מיט אַנדערע וויכטיגע פּראָבלעמען פון אַרבעטער־רינג?

פר. זאַץ, ניו־יאָרק, וויל וויסען, וואָרום האָט פר. גוסקין ניט דערציילט אַלץ וועגען דער טעטיגקייט פון דער 25־ער קאָמיטע, וועלכע האָבען באַזוכט די ברענטשעס און אַנשטאָט צו אַגיטירען פאַר רעליף, האָבען זיי אַגיטירט פאַר זייער פּאַרטיי?

סלוצקי, וועסטשעסטער, פרעגט, וואָרום די עקזעקוטיוו האָט ניט אויסגעפירט דעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער באָרד און דירעקטאָרען אַריינצונעמען פר. לעווין אין סאַניטאַריום אויף די איבעריגע דריי מאָנאַטען?

סטיין, פּעטערסאָן, פרעגט, וואָרום דערקלערט ניט דער טשערמאַן, אַז די ריאינסטייטעטע מיטגלידער פון בר. 121, פּעטערסאָן, זיינען נאָך ריאינסטייטעט געוואָרען דעם 24־טען דעצעמבער און בלויז צוליב אַ נאַכלעסיגקייט פון סעקרעטאַר איז עס ניט אַריינגעשיקט געוואָרען אין אָפיס ביז נאָכ'ן ערשטען יאַנואַר?

לאַנגער, ניו־יאָרק, פרעגט: וואָרום האָט דער טשערמאַן ניט געפונען פאַר נייטיג צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז ווערענד איבער'ן גאַנצען לאַנד האָבען מיר פאַרלאָרען מיטגלידער, האָבען מיר אָבער אַ דאַנק דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע געוואונען אַן ערך פון 2,000 מיטגלידער אין ניו־יאָרק?

בענדזשאַמין, קליוולאַנד: איך וויל באַשטעטיגען, אַז דער פאַקט פון קליוולאַנד איז אמת. עס איז געווען אַ שטיקעל סכסוך דאָרט ביי די וואַלען. דער טשערמאַן און סעקרעטאַר פון דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען לינקע, גיבען זיי צו, אַז מיר זיינען די אמת ערוויילטע דעלעגאַטען.

בעקער פילאַדעלפיע, פרעגט: צי ווייסט דער טשערמאַן, אַז אין פילאַדעלפיע, ביי אַ געוויסער קאָנפערענץ, איז געמאַכט געוואָרען אַ סטייטמענט, אַז ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן האָט מען ניט געשטיצט קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, נאָר עפּעס אַ ריעל־עסטייט קאָמפּאַניע?

דעלעגאַט רימשמאַן: צי דענקט ניט דער טשערמאַן, אַז טראָץ דעם, וואָס בולגאַטש איז ריינגעוואַשען געוואָרען פון דער קאָנווענשאָן, איז דאָס נאָך ניט קיין אורזאַך, אַז ער זאָל מעגען ווייטער לויפען אין דער פאַרוואַלטונג?

אשינסקי, ברוקלין: איז דאָס ניט אַ פאַקט, אַז די 15־נער קאָמיטע האָט יאָ איינגעלאַדען די עקזעקוטיוו צו אירע קאָנפערענצען? קאָן די עקזעקוטיוו איבערצייגען, וואו ביילין האָט אָפיציעל אַלס רעדאַקטאָר פון „פריינד“ געטאָן אַרבעט פאַר דער „וואָרקערס פּאַרטי“? צי וועט פר. זאַלצמאַן קריגען אַ געלעגענהייט צו ענטפערען אויף די באַשולדיגונגען, וועלכע זיינען אויף אים געמאַכט געוואָרען?

שאַפּיראָ, פילאַדעלפיע: מיר וואונדערט זייער, וואָרום דער טשערמאַן האָט גאָר ניט גערעדט וועגען דער טעטיגקייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע און פון אירע קינדער־שולען?

באַס, אָלבאַני, פרעגט: וואָס פאַר אַ קלאַס אידען האָט מען אַריינגענומען לעצטען יאָר אין אַ. ר.?

קאַנאָוויטש, באָסטאָן, פרעגט: 1) דער טשערמאַן באַשולדיגט די באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע, אַז מיר זיינען ניט טריי צום אַ. ר., ווייל מיר האָבען געשיקט אונזערע געלדער דורכ'ן אָפיס, וואָרום פאַרגעסט ער צו דערמאָנען, אַז מיר האָבען אין גאַנצען סטייט דורכגעפירט אַ דאָלאַר טעקס פאַר דער רוסישער רעליף, אַ זאַך, וועלכע זייער ווייניג ברענטשעס האָבען געטאָן. 2) דער טשערמאַן האָט גערעדט זייער פיל וועגען אומפּאַרטייאישקייט, האָט פר. גוסקין ניט באַמערקט, אַז זיין גאַנצער רעפּאָרט איז געווען אַ דורכאויס פּאַרטייאישער צו שעדיגען די לינקע? 3) וואָרום האָט דער טשערמאַן ניט געפונען פאַר נייטיג פאָרצולעזען דעם צושריפט, וועלכען די עקזעקוטיווע האָט אַרויסגעשיקט צו די ברענטשעס אַלס ענטפער אויף דעם פּראָטעסט פון דער מינאָריטעט דעלעגאַטען. צי איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס די שפּראַך איז געווען אַזעלכע, וואָס דער טשערמאַן האָט זיך געשעמט דאָס פאָרצולעזען?

סטאָלער, וואַשינגטאָן: בר. 92 שיקט קיינמאָל ניט קיין דעלעגאַטען צו קיין קאָנפערענצען אין ניו־יאָרק, ווי קומט עס וואָס דעם יאָר האָט מען יאָ געשיקט אַ דעלעגאַט?

בראָדי, ניו־יאָרק: צי דענקט ניט פר. גוסקין, אַז ער אַליין האָט אַריינגעבראַכט אַן אומצופרידענקייט ביי דער קאָנפערענץ פון דער רעליף, ווען ער האָט דערקלערט, אַז די עקזעקוטיווע וועט בלייבען ביי איר אייגענעם באַשלוס.

בראָדערמאַן, פילאַדעלפיע: וויל אויך וויסען מער איינצעלהייטען פון דער לעווין־קייס.

סאָקאָלאָוו, סינסינאַטי: איז דאָס געווען קאָנסטיטוציאָנעל, אַז פר. באַסקין זאָל גיין אַדרעסירען די קאָנווענשאָן פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד?

וואָלק: ווארום האָט דער טשערמאַן ניט רעפּאָרטעט, וויפיל יעדער דיסטריקט האָט געשאַפען געלט פאַר דעם האָספּיטאַל פאַנד פון רוסלאַנד? ביי אונז אין אמאהא האָבען מיר געשאַפען 1000 דאָלאַר פאַר דעם פאָנד.

ליוויי, ברוקלין: וואָס פאַר אַ רעקאָמענדאַציע האָט די עקזעקוטיווע אָפּצושטעלען דעם פאַרלוסט פון מיטגלידער.

פרידמאַן, ראָקסבערי: ווארום האָט די עקזעקוטיווע ניט געלאָזט וויסען אין צייט, אַז זי וועט שיקען די געלט דורכ'ן רוסישען רויטען־קרייץ? ווארום רעפּאָרטעט ניט דער טשערמאַן, אַז די באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע האָט געשאַפען מער געלט פאַר דעם רעליעף ווי אַן אַנדער דיסטריקט; אויך אַז מיר האָבען אין אונזער דיסטריקט ניט פאַרלאָרען קיין מיטגלידער?

גאָלדין, ניו־יאָרק: צי איז אין דער צאָל צוגעקומענע מיטגלידער, וועלכע דער טשערמאַן האָט אָנגעגעבען, אויך אַריינגערעכענט די מיטגלידער פון דעם „לייבאָר־ליג". דענקט ניט דער טשערמאַן, אַז עס וואָלט געווען בעסער, ווען פאַר אַלע וויכטיגע אינסטיטוציעס זאָלען געמאַכט ווערען אַפּילס צו די ברענטשעס פאַר שטיצע און ניט רעקאָמענדירען פאַר נייע טעקסעס?

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די ענטפערס אויף די אינטערפּעלאַציעס זאָלען געגעבען ווערען ביי דער נעקסטער זיצונג.

נאָכדעם ווי פר. העסקעל, ניו־יאָרק, ווערט ערווילט אַלס טשערמאַן, און פר. טאַרלאָוו, באָסטאָן, אַלס וויים־טשערמאַן פון דער נעקסטער זיצונג, ווערט די זעקסטע זיצונג געשלאָסען.

---

## זיבעטע זיצונג

די זיבעטע זיצונג ווערט ערעפענט מיטוואָך נאָכמיטאָג מיט פר. העסקעל, ניו־יאָרק, אַלס טשערמאַן און טאַרלאָוו, באָסטאָן, אַלס וויים־טשערמאַן. עס ווערען פאָרגענומען די וויטערע פראַגען און אינטערפּעלאַציעס צום באַריכט פון דער עקזעקוטיוו.

לעווין, ספּרינגפילד, פרעגט: ווארום האָט דער טשערמאַן ניט באַריכטעט, אַז אַ מיטגליד פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו מיט'ן נאָמען קרינסקי איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין פעלשען אַ קרעדענשעל, ווערענד די זאַלצמאַן קלאַגע איז יאָ רעפּאָרטעט געוואָרען?

גאָלדבערג, טשעלסי, פרעגט: דער טשערמאַן האָט אָנגעדייטעט אין זיין רעפּאָרט, אַז דערפאַר וואָס מיר האָבען לינקע דיסטריקט קאָמיטע אין באָסטאָן האָבען מיר ניט אַריינגענומען קיין נייע מיטגלידער. דענקט ניט פר. גוסקין, אַז די שלעכטע עקאָנאָמישע אומשטענדען אין לאַנד עקזיסטירען אויך אין מאַסאַטשוזעטס? דענקט ניט פר. גוסקין, אַז מיר האָבען געהאַט אַ רעכט צו פרעגען ביי דער עקזעקוטיוו, צי די געלט פאַר רוסישע רעליעף וועט גיין דורך הואווער אָדער דורך אַנדערע קוועלען?

גאָלדבערג, לין: איז דאָס ניט אַ פאַקט, אַז ביים לעצטען מיטינג פון דער עקזעקוטיוו איז באַשלאָסען געוואָרען זאַלצמאַנען צו געפינען שולדיג און באַריכטען צו דער קאָנווענשאַן, אַז די קאָנווענשאַן זאָל אַרויסגעבען אַן אורטייל?

קופער, טעקסעס: אויב מיר גלויבען אַזוי שטאַרק אין נייטראַליטעט, ווארום האָט די עקזעקוטיוו בלויז איינגעלאַדען באַגריסען די קאָנווענשאַן איין צד פון דער באַוועגונג?

פישמאַן, טאָלידאָ: ווארום האָט מען אָפּגעטיילט טאָלידאָ פון דעטראָיט? און צווייטענס, אויב עס איז אמת, אַז מיר זיינען אומפּאַרטייאיש, ווארום האָט דער טשערמאַן באַריכטעט, אַז דער „פאָרווערטס" איז די איינציגע אידישע טעגליכע אַרבעטער־צייטונג. אויב אַ פּרינציפּען־ערקלערונג האָט ניט קיין ווערט, צו וואָס דאַרף מען אין גאַנצען אַ פּרינציפּען־ערקלערונג?

ליבערמאַן, ווילקעסבאַר: צי האָט די עקזעקוטיוו געגעבען אַ מעגליכקייט דעם לאָיער פון דער 15־נער קאָמיטע צו ערשיינען פאַר זייער מיטינג?

וואָלפּערט: ווארום האָט מען ניט באַריכטעט וועגען דער פאַר־קאָנפערענץ פון ניו־יאָרק?

בראַון: ווארום האָט מען ניט באַריכטעט וועגען דער אַרבעט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע?

מילער, ניו־יאָרק: צי נעמט דער טשערמאַן אין אַנבאַטראַכט, אַז פיל ברענטשעס האָבען אַ טעקס פאַר'ן „האיאס", און אויב די קאָנווענשאַן וועט אויך באַשליסען אַזאַ טעקס, צי וועלען אַט די ברענטשעס דאַרפען צאָלען צוויי מאָל טעקסעס?

צוקער, ניו־יאָרק: דער טשערמאַן האָט אין זיין רעפּאָרט וועגען בויען אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער רעקאָמענדירט, אַז דאָס זאָל געבויט ווערען אויף די גראונדס פון סאַניטאַריום. דענקט ער ניט, אַז דאָס וואָלט אויף זיי שלעכט געווירקט?

גאָלדין, ניו־יאָרק: איז דאָס ניט אַ פאַקט, אַז ביילין, פאָרענדיג אין די אינטערעסען פון אַ. ר., האָט אויך גלייכצייטיג אַדרעסירט מיטינגען פון דער וואָרקערס פּאַרטי אין באַלטימאָר און אין וואַשינגטאָן?

בענסאָן, שיקאַגאָ, דערקלערט: דער טשערמאַן באַשולדיגט די ג. ב. א. ד., אַז מיר האָבען ניט אויסגעהערט דעם צווייטען צד פון דער לעווין־קייס. איך דערקלער דערום: די פראַגע איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו דער ג. ב. א. ד. צו אַ רעפערענדום צוזאַמען מיט אַ בריף, אויף וועלכען עס איז געווען פאַר אונז אַ באַווייז, אַז מען האָט זיך יאָ אָנגעפרעגט ביי דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

ר. גוסקין, טשערמאַן פון דער נאַצ עקזעקוטיוו, ענטפערט אויף אַלע פראַגען און אינטערפּעלאַציעס:

עס זיינען געווען עטליכע אָנפראַגען, ווארום איך האָב ניט באַרירט אין מיין רעפּאָרט די אַרבעט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. פר. ליעסין, דער פאַרטרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, איז ליידער קראַנק געווען און וועט ערשט זיין באַריכט אָפּגעבען מאָרגען, און איר פאַרשטייט דאָך, אַז עס וואָלט ניט געווען רעכט צו רעדען וועגען דער עדיוקיישאָנאַל אַרבעט איידער די קאָמיטע גיט אָפּיציעל אָפּ איר באַריכט. איך וויל אָבער דאָ ביי דער געלעגענהייט זאָגען, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט עדיוקיישאָנאַל אַרבעט פון די אַ. ר. שולען, האָט די עקזעקוטיוו אַלס אַ גאַנצע געטאָן אַלעס מעגליכעס מיטצוהעלפען זיי אין דער אַרבעט.

מען פרעגט, צי זיינען די סאַניטאַריום גראונדס דער פּאַסענדער פּלאַץ פאַר אַן אָלד אידזש האָום? מיר האָבען זיך וועגען דער פראַגע באַראַטען מיט אונזערע דאָקטוירים און זיי האָבען גאָר ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצען נעגען דעם.

וועגען דעם טעקס פאַר'ן „האיאס", פאַרשטייט איר דאָך, אַז מיר וועלען וואַרשיינליך געפינען אַ וועג, אַז מיטגלידער זאָלען צוויי מאָל דעם טעקס ניט דאַרפען צאָלען.

די פראַגע וועגען לעווינס קייס, וויל איך קלאָר מאַכען, אַז דאָ איז ניט קיין פראַגע, וואָס אַ פריערדיגע עקזעקוטיוו האָט אַזאַ באַשלוס געמאַכט, איינזעענדיג, אַז לעווינס קומען אין סאַניטאַריום וואָלט געמיינט נייע טראָבעלס. די ג. ב. א. ד. האָט אָבער ניט געדאַרפט אַרויסגעבען אַן אַנטשיידונג אין אַזאַ פראַגע ניט אויסהערענדיג אונזער צד, און דערפאַר אייגענטליך האָבען מיר זייער באַשלוס ניט אויסגעפירט.

אַ דעלעגאַט האָט געפרעגט: ווארום די נייע אַריבערגעקומענע אימיגראַנטען, וועלכע זיינען רעוואָלוציאָנער געשטימט, שליסען זיך ניט אָן אָן אַ. ר. — וויל איך זאָגען, אַז, ערשטענס, זיינען אַט די אימיגראַנטען טאַקע רעכטע און זיי קומען טאַקע אַריין אין אַ. ר., און צווייטענס, קומען ווייניג אַהער אימיגראַנטען צוליב די אימיגראַציאָנס־באַשרענקונגען. מען פרעגט אויך וועגען דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז דער קאַמף פון אַלטע און יונגע אַמאָל איז געווען אַ פּרינציפּיעלער? איך האָב, דאַכט זיך, דערקלערט אַזוי קלאָר ווי מעגליך, אַז וואָס עס זאָל ניט האָבען געווען דער קאַמף פון יונגע און אַלטע, אָדער פאַר און געגען שולען, איז אָבער קיינמאָל קיין פאַרזוך ניט געמאַכט געוואָרען אַרויפצוצווינגען מיינונגען, וועלכע ווערען דיקטירט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אויסער דעם אַ. ר.

וואָלפּערט פרעגט, ווארום האָב איך ניט רעפּאָרטעט אין איינצעלהייטען וועגען דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ. איך וויל קלאָר מאַכען, אַז איך האָב בלויז דאָס דערמאָנט אַלס איינעם פון די מעטאָדען, וועלכע זיינען גענוצט געוואָרען פון אונזערע געגנער. ווען איך זאָל אַריינגיין אין איינצעלהייטען, וואָלט דאָס פאַרנומען צופיל צייט, און עס וואָלט אפשר געברענגט צו היציג בלוט.

אויף דער פראַגע, ווי אַזוי די עקזעקוטיוו דענקט איינצופירען עקאָנאָמיע און קלענערע בילס, איז שווער צו ענטפערען. עס איז איצט אַ קאָנווענשאַן און עס ווענדט זיך אָן די דעלעגאַטען אַריינצוברענגען די ריכטיגע רעקאָמענדאַציעס און באַשלוסען.

די פראַגע וועגען פּרינציפּען־ערקלערונג, וויל איך נאָך אַמאָל דאָ באַטאָנען, אַז די עקזעקוטיווע האָט אויסגעאַרבעט אַ פּרינציפּען־ערקלערונג, פּאַסענד פאַר דעם אַ. ר. לויט אָבער ווי אונזער ליגעל אַדווייזער זאָגט אונז, וועלען מיר אָפּיציעל

אין אונזער קאָנסטיטוציע זי ניט קענען אריינשטעלען. מיר וועלען דאָס בלויז קענען האָבען אלס א ביילאגע.

אין דער פראגע, ווארום האָט די עקזעקוטיווע ניט געלאָזט וויסען אין א צושריפט איר שטעלונג צו דער פעדעראציע. אָט דאָס איז דאָך אייגענטליך דאָס, וואָס מיר זאָגען די גאנצע צייט, אז מיר מישען זיך ניט אין אויסערליכע פּאָליטישע פראגען. אין א. ר. דארף, קען און מוז געדולדעט ווערען מיינונגס־פארשידענהייטען. און איך בין זיכער, אז ווען די איצטיגע פּאָליטישע געגנער אונזערע וואָלטען זיך ניט באנוצט מיט די מעטאָדען פון פארלוימדונג און ניט־פארדינטע באשולדיגונגען, אטאקירענדיג די עקזעקוטיווע פון א. ר. ביי יעדער געלעגענהייט, וואָלט אפשר די שטעלונג אונזערע צו זיי געווען אַן אנדערע. ווען זיי האָבען אָבער געהאלטען אין מאכען אינסינואציעס, האָבען זיי זיך אוועקגעשטעלט אין אזא לאגע, אז מיר מוזען נעמען א קלאָרע שטעלונג געגען זיי.

וועגען טאָלידאָ האָב איך, דאכט זיך, דערקלערט, אז מיר האָבען דאָס געדארפט אָפּטיילען דערפאר, ווייל ביי די וואלען פון דער נאציאָנאלער באָרד אוו דירעקטאָרען און אויך ביי די וואלען פאר א דיסטריקט קאָמיטע איז ארויסגעקומען ווגעען דעם א מיספארשטענדניס. איבריגענס, האָט דאָך דאָס דער ברענטש אליין פארלאנגט.

עס איז אמת, אז איך האָב גערעדט וועגען „פאָרווערטס" אלס די איינציגע אידישע ארבעטער־צייטונג אויף דער אידישער גאס. און לאָזט מיר אייך דערקלערען, אז טראָף דעם וואָס איך בין א „פאָרווערטס"־מענטש, וואָלט אָבער דער „פאָרווערטס" אזוי געהאנדעלט און באשמוצט יעדען איינעם אין דער עקזעקוטיוו, ווי עס האָבען געטאָן אנדערע צייטונגען, וואָלט איך זיך אויך פון „פאָרווערטס" אָפּגעשאָקעלט און אים ניט אנערקענט אלס אַן ארבעטער־צייטונג. ביז היינט טוט אָבער דער „פאָרווערטס" אלעס מעגליכעס צו העלפען בויען דעם א. ר. און פארשטארקען די אידישע ארבעטער־באוועגונג. דאָס וועט אויך קלאָר מאכען די פראגע, ווארום מיר האָבען ניט איינגעלאַדען פארטרעטער פון אנדערע ריכטונגען צו באגריסען אונזער קאָנווענשאָן. און זאָלען אלע פארשטיין, אויב די „פרייהייט" וועט ניט ענדערען איר טאַקטיק, וועל איך קיינמאָל ניט זיין דערפאר, אז מען זאָל זיי איינלאַדען צו באגריסען אונזערע קאָנווענשאָנס.

פר. גאָלדבערג פון באָסטאָן האָט געפרעגט, ווארום האנדלען מיר ביי דער קאָנווענשאָן אנדערש ווי עס איז באשלאָסען געוואָרען ביים לעצטען מיטינג פון דער עקזעקוטיווע אין באצוג צו זאָלצמאנען. דערלויבט מיר, פר. גאָלדבערג, אייך צו פרעגען: פון וואנען ווייסט איר וואָס די עקזעקוטיוו האָט ביים לעצטען מיטינג באשלאָסען? דער מיטינג פון דער עקזעקוטיוו איז געווען לעצטען מאָנטאג, די מינוטס זיינען נאָך אפשר ניט קיין אָנגעשריבענע, און איר זייט שוין אזוי זיכער, אז מיר האָבען געהאנדעלט אנדערש ווי מיר האָבען באריכטעט? פונדעסטוועגען וועל איך נאָך אמאָל דערקלערען, אז פר. זאָלצמאן איז דערקלערט געוואָרען שולדיג פון דער עקזעקוטיוו. ער האָט אָבער דערקלערט ביים מיטינג, אז ער אפּעלירט צו דער נאציאָנאלער באָרד אוו דירעקטאָרען, און יעדער איינער ווייסט, אז ווען אָן אפּיל קומט אָן אין א העכערען געריכט, קען קיין אנדער געריכט וועגען דעם ניט האנדלען. איך האָב דאָס בלויז רעפּאָרטעט אלס איינע פון אונזערע פארהאנדלונגען ביי דעם לעצטען מיטינג, ווי איך האָב דאָס געטאָן אין דעם פאל פון ה. לאנג.

וועגען דער פראגע פון פר. גאָלדבערג, ווארום איך האָב זיך אויסגעדריקט שארף געגען באָסטאָן פאר ניט אריינגעמען נייע מיטגלידער, איז, ערשטענס, האָט איר דאָס אליין געהערט פון דעם טשערמאן פון דער אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע, און צווייטענס, האָבען מיר ערוואַרט פון באָסטאָן פיל מער ארבעט ווי עס איז געטאָן געוואָרען. איך האָב אָבער אונטער קיין אומשטענדען ניט געוואָרפען די שולד אויף דער דיסטריקט קאָמיטע אָדער איינצעלנע פערזאָנען, ווייל עס איז זיכער, אז איינינגע מענטשען האָבען דאָרט געטאָן גוטע ארבעט. וואָס איך האָב פאראיבעל אויף באָסטאָן איז וועגען זייער שטעלונג אין באצוג צו דער פראגע פון רוסישען רעליף.

פר. לעווין פרעגט, ווארום מיר האָבען ניט רעפּאָרטעט וועגען קרינסקים קלאגע. די עקזעקוטיוו אלס א גאנצע קען בלויז רעפּאָרטען דאָס, וואָס די פארשידענע קאָמיטעס באריכטען צו איר. פר. קרינסקי איז אָנגעקלאָגט געוואָרען ביי דער אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע און ביז איצט האָט נאָך די אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע וועגען דעם ניט געהאנדעלט, ווייל דער אַפּיעלער בריף פון דעם ברענטש איז ערשט אָנגעקומען לעצטען דינסטאָג, ווען קיין מיטינגען זיינען שוין ניט געווען.

אויף די פראגען פון פ.ר רובין פון פּעטערסאָן, וויל איך זיין אזוי אָפען ווי מעגליך. ער פרעגט: איז דאָס ניט א פאקט, אז פר. זאָלצמאן האָט ביי זיי גערעדט און אגיטירט פאר דעם רעליף? איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט און באשולדיגט זאָלצמאנען אלס א פערזאָן, וואָס איז ניט פעאיג צו טאָן ארבעט אין דער עקזעקוטיוו. איך באשולדיג בלויז זאָלצמאנען אין די פארלוימדונגען, וועלכע ער האָט געמאכט ניט בארעכטיגטערהייט. ווארום האָט די עקזעקוטיוו ניט איבערגענומען די ארבעט גלייך ווי מאקסים גאָרקי האָט געמאכט אַן אַפּיל. איך האָב שוין פריער דערקלערט, אז גלייך ווי מאקסים גאָרקים אַפּיל איז געקומען, זיינען מיר געווען פארטראָטען ביי דער קאָנפערענץ פון דער פּיפּעלס רעליף, דענקענדיג אז אויך אין אָט דער ארבעט וועלען מיר קענען גיין מיט זיי האנט אין האנט; ווען עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אנדערש, האָבען מיר גלייך אליין גענומען טאָן די ארבעט. וועגען בולגאטשען האָב איך שוין איין מאָל דערקלערט, אז די קאָנווענשאָן איז די העכסטע אינסטאנץ און ווען א קאָנווענשאָן האָט אים דערקלערט ניט שולדיג, מעג ער לויפען אין דער פארוואלטונגס קאָמיטע, און עס בלייבט צו די מיטגלידער אים צו ערוויילען אָדער ניט.

גאָלדרינג האָט געפרעגט, ווארום רעקאָמענדירט די עקזעקוטיוו צו מאכען טעקסעס פאר'ן „האיאס" און פאר דעם האָספּיטאל פאר רוסלאנד, ווערענד מיר ווילען דעם יאָר מאכען קלענערע בילס. איך זאָג, אז די עקזעקוטיוו האָט רעקאָמענדירט אָט די צוויי טעקסעס פאר דער קאָנווענשאָן, דענקענדיג, אז דאָס איז אונזער פליכט צו טאָן, וויסענדיג די נויטווענדיגקייט דערפון. די דעלעגאטען קענען אָבער האנדלען ווי זיי פארשטייען.

פרידמאן פון באָסטאָן האָט געפרעגט, ווארום מיר האָבען אָנגעשטעלט בען אויגוסט אלס א לעקטשורער פאר'ן א. ר. איך לייקען אָנטשידען אָפּ, אז דאָס איז געווען דער פאל. ווארום גיט איר ניט צו דעם פאקט, אז די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט גוטגעהייסען דעם טור פון מ. האָלטמאן, ניט אכטענדיג אויף דעם, וואָס ער איז גראָד א „לינקער"?

קאנאָוויטש פון באָסטאָן האָט געפרעגט: ווארום האָבען מיר ניט געלאָזט וויסען, אז מיר וועלען שיקען דאָס געלט דירעקט צום רוסישען רויטען־קרייץ. אזוי ווי איר זייט א נייער מיטגליד ביי אונז אין א. ר., וויל איך איר זאָלט וויסען, אז אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער האָבען אלע מאָל געהאט צוטרוי צו דער עקזעקוטיוו, אז זי וועט די געזאמעלטע געלט שיקען אין די ריכטיגע פּלעצער. דער פאקט איז, אז מיר פירען אָן קאמפּיינס פאר די לעצטע עטליכע יאָר און האָבען אימער דערפילט דעם וואונטש פון די מיטגלידער. ווארום איך האָב ניט פארגעלעזען דעם בריף, וואָס מיר האָבען ארויסגעשיקט צו די ברענטשעס, איז פּשוט אום צו שפּאָרען צייט, ווייל איך וואָלט שוין געדארפט לעזען פיל פון אייערע בריף, און דאָס וואָלט אייך קיין גרויסען כבוד ניט צוגעגעבען. איבריגענס, איז אונזער ערקלערונג געדרוקט אין קאָנווענשאָן נומער „פריינד". אין דער פראגע ספּעציעל וועגען באָסטאָן, וואָלט איך זיך ניט אָפּגעשטעלט ספּעציעל, ווען דאָרטען זאָל ניט געטאָן ווערען צו להכעיס ארבעט פון דער דיסטריקט קאָמיטע.

אשינסקי וויל האָבען, אז די 15־נער קאָמיטע האָט אונז יאָ איינגעלאַדען. איך דערקלער באשטימט, אז מער ווי דעם לעצטען מאָל צו ניו־יאָרקער קאָנפערענץ האָט מען אונז ניט גערופען. ער פרעגט אויך, וואו האָט ביילין, אלס פארטרעטער פון א. ר., גערעדט פאר דער וואָרקערס פּארטי. איך וואָלט געקאָנט אָנצייגען אויף פיל פאלען, וואו ביילין איז געווען אדווערטייזט אלס רעדאקטאָר פון „פריינד", וועלכער וועט רעדען ביי זייערע מיטינגען. און ער האָט טאקע גערעדט. מיר גלויבען אָבער, אז יעדער באאמטער אָדער אָנגעשטעלטער אין א. ר. האָט א רעכט אויסער דעם א. ר. צו באלאנגען און זיין אקטיוו אין אירגענד וועלכער סאָציאליסטישער אָרגאניזאציע.

לאנגער פרעגט, ווארום האָב איך ניט דערמאָנט אין מיין רעפּאָרט וועגען דער גוטער ארבעט פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע. איך גלויב, אז די אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע האָט דאָס דייטליך געזאָגט אין איר רעפּאָרט און איך, אלס טשערמאן פון דער עקזעקוטיוו, וועל באשטעטיגען, אז דאָס איז געווען דער פאל.

איך האָף, אז איך האָב פארענטפערט צופרידענשטעלענד

אַלע פראַגען אויף ווי ווייט מעגליך. אויב איך האָב פאַרגעסען און אויסגעלאָזט איינינע פראַגען, בין איך גרייט, מען זאָל מיר אויפמערקזאַם מאַכען און איך וועל מיט פאַרגעניגען ענטפערען.

איך וויל נאָך אַמאָל אונטערשטרייכען, אַז די עקזעקוטיוו האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס צו זיין אַזוי אומפּאַרטייאיש ווי נאָר מעגליך. מער פון אַלץ האָט זיך דעם יאָר אַרויסגעצייגט אַ ווילען פון די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו צו טאָן אַרבעט, און אַלע קאָמיטעס אָן אויסנאַמען האָבען געאַרבעט האַרמאָניש פאַר דעם וואויל און בעסטען פון אונזער אַלעמענס באַליבטען אַרבעטער־רינג.

ווען פר. גוסקין ענדיגט זיינע ענטפערס, ווערט ער אַפּלאָדירט פאַר עטליכע מינוטען.

ער ווערט פּרעזענטירט פון דער אַראַנזשמענט קאָמיטע מיט אַ בוקעט בלומען אַלס אַנערקענונג פאַר דער גוטער אַרבעט, וועלכע די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט געטאָן לעצטען יאָר. פר. גוסקין באַדאַנקט די־רעלעגאַטען פאַר זייער אַנערקענונג און באַמערקט, אַז ער באַטראַכט די בלומען אַלס אַנערקענונג פאַר יעדען איינצעלנעם מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

מ. קאופמאַן, פון דער פּאַריערס יוניאָן, באַריסט די קאָנווענשאָן און צווישען אַנדערע ווערטער זאָגט ער:

„איך בין שטאָלץ פון זייענדיג אַ רינגעלע אין דער קייט פון דער מעכטיגער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שאַפט די אַטמאָספערע פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג פון דעם גאַנצען לאַנד. דער אַ. ר. שאַפט רעקרוטען פאַר די אַלע יוניאָנס, מיט וועלכע די אַרבעטער־באַוועגונג קאָן שטאַרקירען. ליידער בין איך ניט אַקטיוו אין אַ. ר. אָבער איך קוק זיך צו צו דעם פאָרשריט און איך זע, אַז דער אַ. ר. האָט אַ גרויסע נשמה, און די אַלע ווערטער פון מאַנכע, וואָס ווילען כלומר'שט אַריינבלאָזען אַ נייע נשמה, איז ניט מער ווי פּלאַפּלעריי. דער אַ. ר. האָט אַמאָל געהאַט אַ שפּאַלטונג צווישען יונגע און אַלטע. איך ווייס ניט, וואָס די יונגע האָבען געוואָלט. עס איז איצט דאָ אַ ליניע צווישען רעכטע און לינקע. איך בין אויך ניט גענוי באַקאַנט מיט דעם אַ. ר. פּראָגראַם פון די „לינקע“. נאָר אויב די „לינקע“ ווילען אַריינברענגען יענעם צעשטערענדען גייסט, וועלכען זיי ברענגען אַריין אין די יוניאָנס, דאַן זאָג איך, אַז עס איז אונזער אַלעמענס חוב, אַלס לאָיאַלע מיטגלידער פון אַ. ר., זיי צו באַקעמפען.

„איך האָף, אַז אַט די קאָנווענשאָן וועט גיין אויף דעם וועג פון פאָרשריט פאַר דעם וואוילזיין פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג און וועט זיך ניט לאָזען אָפּשרעקען פון אַ קליינער מינאָריטעט, וועלכע קאָן נאָר מאַכען אַ גרויסען טומעל.“

פר. וואָלאָס, טשערמאַן פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, לעזט פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

### וועגען דעם מיינערס סטרייק

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. דריקט אויס איר פולע סימפּאַטיע און גרויס באַוואונדערונג צו די העלדישע סטרייקענדע מיינערס, וועלכע פירען אָן אַ ביטערען קאַמף מיט זייערע אונטערדריקער, וואָס טרייבען זיי צו הונגער און נויט.

אויך באַשליסט די קאָנווענשאָן, אַז אַלע אירע ברענטשעס איבער'ן לאַנד זאָלען העלפען די בראַווע קעמפער מאָראַליש און פינאַנציעל איבערהויפּט ווערען די אָרטיגע ברענטשעס, וואו די סטרייקס קומען פאָר, אויפגעפאָדערט צו העלפען די קעמפער.

### וועגען רענד סקול

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די רענד סקול איז איינע פון די וויכטיגסטע אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין די פאַראייניגטע שטאַטען, און אויך נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז זיי נייטיגען זיך זייער פיל אין שטיצע,

דאַרום באַשליסט די אַ. ר. קאָנווענשאָן אויפצופאָדערן אַלע אירע ברענטשעס איבער'ן לאַנד צו שטיצען די רענד סקול מאָראַליש און פינאַנציעל.

### וועגען לייבאָר־לייסעאום

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. באַגריסט די באַוועגונג פאַר אַרבעטער־לייסעאומס, וועלכע פאַרשפּרייט זיך איבער'ן לאַנד. מיר באַטראַכטען די אונטערנעמונגען אַלס איינע פון די וויכטיגסטע אין דעם איצטיגען מאָמענט. די קאָנווענשאָן אַפּעלירט דאַרום צו אַלע ברענטשעס פון לאַנד צו שטיצען מיט אַלע מיטלען, וואָס זיינען נאָר נייטיג פאַר דער אויפבויאונג פון אַזעלכע אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

### וועגען דער אימיגראַנט אייד סאָסייעטי

אין אָנבאַטראַכט, אַז עס איז נייטיג צו האָבען אַ שטאַרקע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל פאַרטיידיגען אייגוואַנדערונג, ווייל די דאָזיגע טעטיגקייט, צוליב די איצטיגע שטרענגע אימיגראַציאָנס געזעצען, איז זייער נייטיג צו העלפען אונזערע אומגליקליכע ברידער אויף יענער זייט ים; און אין אָנבאַטראַכט, אַז די דאָזיגע אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, וועלכע טוט די אַרבעט צופרידענשטעלענד, — באַשליסט די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. צו אינדאָרסירען די אַרבעט פון דער דערמאָנטער קערפּערשאַפט, און דריקט אויס אַ פאַרלאַנג, אַז אַלע ברענטשעס זאָלען מאָראַליש און פינאַנציעל שטיצען די היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי.

### וועגען יוניאָן אַרבעט

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. באַשליסט אויך דעם יאָר אויפצופאָדערען אַלע מיטגלידער פון אַ. ר., אַז זיי זאָלען קויפען פּראָדוקטען און אַרטיקלען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פון יוניאָן־אַרבעטער און אונטער יוניאָן־באַדינגונגען.

### וועגען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. באַגריסט די דערשיינונג פון די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען אויף דער אידישער גאַס דורך דער איניציאַטיווע און דורך דער הילף פון די ברענטשעס פון דעם אַ. ר. די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג איז איינע פון די מיטלען, וועלכע קענען העלפען באַפרייען די אַרבעטער־מאַסען פון קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. די קאָנווענשאָן דריקט אויס איר וואונטש, אַז די ברענטשעס פון אַ. ר. זאָלען אויף ווייטער, מיט נאָך מער ענערגיע, העלפען בויען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג.

### וועגען געצייג קאַמפּיין

אין אָנבאַטראַכט, אַז די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע האָט אָנגעפירט די רעליף־אַרבעט זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען, און אין אָנבאַטראַכט, אַז די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע, וועלכע באַשטייט פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, פירט איצט אָן אַ קאַמפּיין צו שאַפען געצייג פאַר די אידישע אַרבעטער און רוסלאַנד, — באַשליסט די קאָנווענשאָן צו אינדאָרסירען אַט דעם קאַמפּיין. מיר פאָדערען אויף אַלע ברענטשעס צו נעמען אַן אַקטיווען אנטייל אין דער אַרבעט און מיר פאָדערען אויף די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע, אַז זיי זאָלען טאָן אַלעס מעגליכעס צו מאַכען דעם קאַמפּיין פאַר אַן ערפאָלג.

די דאָזיגע רעזאָלוציע רופט אַרויס אַ דיסקוסיע. דעלעגאַט קאַהאַנאָוויטש דענקט, אַז די פּיפּעלס רעליף איז אַ קליינבירגערליכע אָרגאַניזאַציע, און דאַרף ניט געשטיצט ווערען. פר. פרידמאַן מאַסאַטשוזעטס, פרעגט, וואָרום פאָדערט מען ניט אויף די ברענטשעס צו שיקען געלט דורכ'ן גענעראַל אָפּיס?

פיינערמאַן באַמערקט: „דאָס איז אַ ביישפּיל פון צושטערען די אַרבעט, וועלכע די „לינקע“ ווילען אָנפאַנגען אין אַ. ר., וועגען וועלכע עס האָט גערעדט דער פאָרטרעטער פון דער פּאַריערס יוניאָן. מען קלייבט געצייג פאַר אידישע אַרבעטער און די „לינקע“ ווילען אַט די אַרבט ניט דערלאָזען.“

וואָלאָס באַמערקט, אַז דער מיט, וואָס עס ווערט אינדאָרסירט דער געצייג קאַמפּיין, הייסט ניט, אַז דער גענעראַל אָפּיס וועט איגנאָרירט ווערען. יעדע אונטערשטיצונג דאַרף נאַטירליך דורכגיין דורכ'ן גענעראַל־אָפּיס.

נאָכדעם ווי די רעזאָלוציע ווערט נאָך אַמאָל דורכגעלעזען, ווערט זי אָנגענומען מיט בלויז איין שטימע געגען.

### וועגען סאַניטאַריום פייערטאָג

די 22־טע יערליכע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. באַשליסט, אַז דער סאַניטאַריום־טאָג, ד. ה. דער יום־טוב פון ערעפענונג פון אונזער סאַניטאַריום זאָל אויף ווייטער דורכגעפירט ווערען נאָך מיט מער ענערגיע ווי ביז איצט און איבער'ן גאַנצען לאַנד זאָלען דורכגעפירט ווערען לכבוד דעם יום־טוב פאַרשידענע אונטערנעמונגען. דער גאַנצער פּראָפיט פון אַט די אונטערנעמונגען זאָל גיין פאַר'ן לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, פאַר'ן דענווער סאַניטאַריום און פאַרשידענע הײמס פאַר עקס־פּאַציענטען.

די צעטיילונג פון די געלדער זאָל זיין אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

### וועגען פּיפּעלס רעליף

אין אָנבאַטראַכט, אַז די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע האָט אָנגעפירט די רעליף־אַרבעט פאַר די לעצטע 7 יאָר און האָט פיל געהאָלפען צו פאַרלייכטערען די ליידען פון אונזערע שוועסטער און ברידער אין די מלחמה־לענדער;

אין אָנבאַטראַכט אָבער, אַז עס האָבען זיך באַוויזען מיינונגס־פאַרשידענהייטען וועגען דער פראַגע פון צעטיילונג פון קרעפטען. אום אָבער צו זיין ערפאָלגרייך אין דער אַרבעט מוזען אַלע זיין פאַראייניגט, —

באַשליסט די קאָנווענשאָן אויפצופאָדערען דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע צו געפינען וועגען און מיטלען צו פאַראייניגען אַלעמען אין דער העכסט וויכטיגער אַרבעט און צוזאַמען אַרבעטען

הארמאניש מיט דער פיפעלס רעליף קאמיטע אין דער אנפירונג פון רעליף-טעטיגקייט.

## וועגען דער „ניו יארק קאל"

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די ארבעטער-מאסען פון לאנד נייטיגען זיך שטענדיג און ספעציעל איצט אין אן ענגלישער פרעסע, וועלכע זאל פארטיידיגען זייערע אינטערעסען; און אין אנבאטראכט, אז די ניו-יארק „קאל" פארטיידיגט מוטיג און אומדערשראקען די ארבעטער-אינטערעסען אין יעדער הינזיכט, באשליסט די 22-טע קאנ-ווענשאן פון א. ר. צו פארלאנגען פון אלע ברענטשעס און מיטגלי-דער צו שטיצען די זעלבע צייטונג מאראליש און פינאנציעל, כדי זי זאל קענען ווייטער פארזעצען איר קאמף פאר דער ארבעטער-באוועגונג.

## וועגען צייט פארלוסט פון דעלעגאטען

די סומע, וויפיל דעלעגאטען זאלען קריגען פאר צייט-פארלוסט, זאל זיין די זעלבע ווי לעצטען יאהר, ד. ה. 12 דאלאר א טאג.

עס ווערט פארגענומען דער באריכט פון דער דיסטריביוּ-שאן קאמיטע. טשערמאן, ר. בלאק, ניו-יארק, און ל. גינזבורג, ניו-יארק, סעקרעטער.

ל. גינזבורג באריכטעט: די דיסטריביושאן קאמיטע האט איינגעטיילט אלע דעלעגאטען אין פארשידענע קאמיטעס ווי פאלגט:

### 1. פארוואלטונגס קאמיטע

לעוויטאן, ניו-יארק
לעווין, טאראנטא
ביכאווסקי, פילאדעלפיע
פינקעלשטיין, שיקאגא
ס. מילער, ניו-יארק
סאלאוויאף, ניו-יארק
ראזענשטיין, קאליפארניע
קורסאן, פילאדעלפיע
וויס, ניו-בראנזוויק
בייער, סט. לואיס
גאלדבלאט, ריטשמאנד

### 2. ארגאניזאציאנס קאמיטע

עלשטיין, קאליפארניע
זאק, ניו-יארק
מעלצער, מאנטרעאל
ווייך, ניו-יארק
ראבינאוויטש, סיראקיוז
א. דינערשטיין, ניו-יארק
גאלדין, שיקאגא
בעקער, ניו-יארק
ראטנער, ניו-יארק
עטינגער, פילאדעלפיע
סקלאר, ניו-יארק
קאפלאן, ניו-יארק
קולקין, דעטראיט
ב. מילער, ניו-יארק
ארקין, פיטסבורג
זינגער, ניו-יארק
ביען, מעין
קיפפער, סאוט-וועסט
בלאק, ניו-יארק
אב. צוקער, ניו-יארק
אב. הערשקאוויטש, ניו-יארק
ב. באטווינ‌יק, ניו-יארק
רייס, ניו-הייווען
ל. ראטהמאן, ניו-יארק
טאמאר, פילאדעלפיע
יפה, באלטימאר
ס. ריפקין, ניו-יארק
שאפירא, פילעדאלעפיע
בריינען, האדסאן קאונטי
יפה, ניו-בראנזוויק
מיס בראודי, ברוקלין
גענן, באלטימאר
גודמאן, קליוולאנד
י. מילער, ניו-יארק

### 4. סאניטאריום קאמיטע

כאנין, ניו-יארק
שפייער, ניו-יארק
פישמאן, מינעאפאלים
בעקער, פילאדעלפיע
פאדאלסקי, קינגסטאן

העסקעל, ניו-יארק
מארקוס, שיקאגא
קופערמאן, ניו-יארק
הערמאן, ניו-יארק
לעווין, ספרינגפילד
ספינראד, ניו-יארק
מאנטראס, פילאדעלפיע
מאטלין, ניו-יארק

### פרעס און עדיוקיישאן קאמיטע

בראון, האדסאן קאונטי
זינדערמאן, ניויארק
וואלפערט, ניו-יארק
באק, דעטראיט
ראבקין, ניו-יארק
פעלדמאן, ברוקלין

### 5. אלר אידיש האום קאמיטע

ענגעל, פעטערסאן
ווינבלאט, ניו-יארק
שניידער, קאליפארניע
דזשאנסאן, ברוקלין
קאהאנאוויטש, באסטאן
סטאליער, וואשינגטאן
פרידמאן, באסטאן
בערקאוויטש, ניו-יארק
לאמפערט, שיקאגא
ברוידערמאן, פילאדעלפיע
לאנגער, ניו-יארק
מארקוס, הארטפארד
פריימאן, ניו-יארק
ריטשמאן, טאראנטא
גינזבורג, ברוקלין
ליוווי, ברוקלין
סטיין, ניו-יארק
קליינמאן, ניו-יארק

### 6. סיק בענעפיט קאמיטע

גאלדין, ניו-יארק
אלפערן, ניו-יארק
זאלקאווער, סינסינעטי
פינקעלשטיין, ניו-יארק
סוויער, אלבאני
דזש. גאלדבערג, באסטאן
באקסער, ניו-יארק
אשינסקי, ברוקלין
וויינער, ניו-יארק
לעווין, שיקאגא
קאצענבערג, ניו-יארק
בעסס, באפאלא
פערלאגער, ניו-יארק
גאלדבערג, הארטפארד
פרינס, ניו-יארק
קעסעל, וואטערבורי
ראזענטאל, ניו-יארק
רובין, פעטערסאן
פרידמאן, ניו-יארק

### 7. קאנווענשאן קאמיטע

הייפערלינג, ניו-יארק
מאלאט, ניו-יארק
זאלא, מילוואקי
פעלדמאן, ברידזשפארט
זילבערשטיין, שיקאגא
בעקער, קענזעס
בערמאן, ניו-יארק
גאלדבערג, באסטאן
בורצוק, פילאדעלפיע
באסקין, האדסאן קאונטי
אוערבאך, נוארק
לייבאוויטש, ברוקלין
וואלק, אמאהא
אפעלבאים, סאוט-איסט
טשערנילא, נוארק
ספעקטאר, באלטימאר
סלוצקי, וועסטשעסטער

### 8. עלעקשאן קאמיט

נעבאמקין, ניו-יארק
וואלאוויטש, ניו-יארק
טייטעלמאן, פילאדעלפיע
פלאקס, ניו-יארק
אקסעלראד, שיקאגא
פרידבערג, ניו-יארק
הענקין, ניו-יארק
לעווין, פיטסבורג
יארכא, ניו-יארק
ראזען, ניו-יארק
דזשייקאבס, ברוקלין
זייעץ, ניו-יארק
פאלאק, נוארק
סטיין, פעטערסאן
קרינסקי, ניו-יארק

### 9. קאמיטע אן אפיסערס רעפארטס

גאלדינג, ניו-יארק
י. באטווינ‌יק, נוארק
עבעריל, ניו-יארק
וואליצקי, ניו-יארק
גיטלאו, שיקאגא
סווערדלאוו, פילאדעלפיע
פאדניק, ניו-יארק
שניידער, פילאדעלפיע
בעצאהלער, ניו-יארק
ליבערמאן, העריסבורג
פערלבערג, ברוקלין
בענדזשאמין, קליוולאנד
לעף, ניו-יארק

פר. באסקין אנאנסירט:

„אלע דעלעגאטען, וועלכע האבען רעקאמענדאציעס, זאלען זיך ווענדען צו די קאמיטעס, צו וועלכע זיי געהערען. די מי-טינג-רומס וועלען אנאנסירט ווערען שפעטער."

פר. וואליצקי, פון דער קרעדענשעל קאמיטע, באריכטעט:

„א שיקאגאר דעלעגאט פעלט. ער האט ביז אהער טעלע-גראפ׳ירט, דאס ער קומט. איצט האבען מיר באקומען א טעלע-גראמע פון אים, אז ער קאן ניט קומען. די קרעדענשעל קא-מיטע ווייסט דעריבער ניט ווי צו האנדלען, ווייל עס האבען זיך אפגעשטעלט בלויז צוויי טעג אויף זיצונגען."

זילבערשטיין, פון שיקאגא, מאכט א פארשלאג, מען זאל דעם דעלעגאט אויפפאדערען טעלעגראפיש צו קומען. א געגען-פארשלאג ווערט געמאכט פון כאנין. עס ווערט באשלאסען דעם דעלעגאט ניט ארויסצורופען.

מר. מ. שור, פארשטייער פון אידישען ברענטש, ווארקערס פארטי פון טאראנטא, באגריסט די קאנווענשאן פון א. ר. ער

דריקט אוים זיין פאַרוואונדערונג, וואָס אַלס פאָרשטייער פון דער וואָרקערס פּאַרטי איז ער צוגעלאָזען געוואָרען צו דער קאָנווענשאָן, וועלכע באַשטייט פון געגנער פון זיין פּאַרטיי.

„עס שיינט, אַז אין אַ. ר. קענען זיין פאַרטראָטען אַלע ריכטונגען. ער פאַרזיכערט, אַז די וואָרקערס פּאַרטי וויל ניט שטערען דעם אַ. ר. ער אַפּעלירט פאַר שטיצע פאַר זייער פּרעסע.

מר. ספּעקטאָר, פון דער וואָרקערס פּאַרטי פון טאָראָנטאָ, באַגריסט די קאָנווענשאָן פון דער איינצעלנער אַרבעטער־פּאַרטיי אין קענעדע. „די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי עקזיסטירט מער ניט אין קענעדע, די לייבאָר פּאַרטי איז צו רעאַקציאָנער, און די איינציגע אַרבעטער־פּאַרטיי איז די וואָרקערס פּאַרטי.“

ער ווינשט דעם אַ. ר. ערפאָלג און האָפט, אַז דער אַ. ר. וועט ווערען אַ ריכטיגע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע.

עס ווערען פאָרגענומען וואַלען פאַר טשערמאַן און וויים־טשערמאַן פאַר דער זיצונג פון פרייטאָג פרי. פר. טייטעלמאַן, פילאַדעלפיע, ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן און פר. וואַלאַוויץ, ניו־יאָרק, וויים־טשערמאַן.

עס ווערט אַנאָנסירט, אַז די פיונעראַל סעשאָן וועט שטאַטפינדען דאָנערשטאַג אין דער פרי, 10 אַ זייגער.

דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

---

## אַכטע זיצונג

די אַכטע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג, אום 10 אַ זייגער מאָרגענס, מיט פר. ה. טייטעלמאַן, פילאַדעלפיע, אַלס טשערמאַן און פר. ב. וואַלאַוויץ, ניו־יאָרק, אַלס וויים־טשערמאַן.

פר. ראַבערטס לעזט פאָר פאַרשידענע טעלעגראַמעס, צווישען וועלכע עס איז אויך דאָ אַ טעלעגראַמע פון דעם פּרעזידענט פון אידישען קאָמיסאַריאַט אין מאָסקווע.

פר. בעצאַהלער, פון דער קרעדענשעל קאָמיטע, רעקאָמענדירט צוצולאָזען פאַרטרעטער פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט אין די בראָנקס, פאַרטרעטער פון דער קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט, מר. סימקין, גענ. דזשאָרזש י. ראַוער, פאַרטרעטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, מ. אָלגין, פאַרטרעטער פון דער וואָרקערס פּאַרטי און פון „פרייהייט“, און נ. כאַנין, פאַרטרעטער פון „פאַרבאַנד“. די רעקאָמענדאַציעס ווערען אָנגענומען.

עס ווערט פאָרגענומען דער רעפּאָרט פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע דורך ס. הייפּערלינג, ניו־יאָרק, טשערמאַן, און מ. מאָלאָט, סעקרעטאַר.

פר. הייפּערלינג באַריכטעט, אַז די קאָנווענשאָן קאָמיטע שלאָגט פאָר צוויי רעקאָמענדאַציעס, ווען די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען. איין רעקאָמענדאַציע איז: אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען אין 1924 און אויף דעם רעפערענדום זאָלען שטיין די שטעט וואַשינגטאָן און פילאַדעלפיע. די פאַרטרעטערשאַפט זאָל זיין: איין דעלעגאַט פון יעדע 500 מיטגלידער. די צווייטע רעקאָמענדאַציע, וועלכע איז אונטערשטיצט פון דער מאַיאָריטעט מיטגלידער פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע, איז: אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל זיין אין 1925 און עס זאָל זיין אַ גרויסע קאָנווענשאָן מיט פאַרטרעטער פון אַלע בראַנטשעס, לויט זייער צאָל מיטגלידער, ד. ה. איין דעלעגאַט פון יעדע הונדערט, א. אַז. וו.

צווישען דער צייט זאָלען געהאַלטען ווערען יערליכע קאָנווענשאָנס פון איין פאַרטרעטער פון יעדען סטייט. די דאָזיגע קערפּערשאַפט זאָל זיך צוזאַמענקלייבען אין אָנפאַנג מאַי אויסצוהערען באַריכטען פון די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס און צו ראַטיפיצירען די נייע עקזעקוטיווע. אָט די רעקאָמענדאַציעס באַציען זיך אויף ביידע פאָרשלאָגען, צי די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל זיין אין 1925, אָדער זי זאָל זיין אין 1924.

די דעלעגאַטען פון אַזעלכע קאָנווענשאָנס זאָלען באַשטיין פון מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָוו דירעקטאָרען. די פראַגע וועגען דער נעקסטער קאָנווענשאָן ווערט אויפגענומען פאַר אַ דיסקוסיע.

פר. גינזבורג, בר. 1, ניו־יאָרק, רעדט דערפאַר, אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל זיין אַ גרויסע, אין 1925. ער זאָגט: יערליכע קאָנווענשאָנס זיינען זייער ווייניג פּאָפּולער צווישען די בראַנטשעס. נאָר כל זמן דער אַ. ר. האָט געהאַלטען אין וואַקסען און אַנטוויקלען זיך, זיינען די קאָנווענשאָנס נייטיג געווען כדי צו פאַסען אַלע יאָר נייע געזעצען, וועלכע זאָלען העלפען דעם וואוקס פון אַ. ר. איצט האָבען מיר אַן איינגעאָרדענטע מאַשינעריע. עס איז בלויז נייטיג געוויסע פאָרמעלע זאַכען, וועלכע זאָלען זיין אין איינקלאַנג מיט דעם געזעץ. אָט די פאָרמעלע זאַכען קאָנען ערלעדיגט ווערען פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אָוו דירעקטאָרען, וועלכע קאָנען, פאַר דעם צוועק, ספּעציעל ערוויילט ווערען. אין 1925 וועלען מיר האָבען אונזער 25־טען יובילעאום קאָנווענשאָן, און די דאָזיגע קאָנווענשאָן מוז זיין מיט פאַרטרעטער פון אַלע בראַנטשעס. עס איז דעריבער ניט נייטיג, אַז נאָך אַ קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען ביז יענער צייט. דער קאָנווענשאָן פאָנד האָט אַ גרויסען דעפיציט און דער דעפיציט מוז אומבאַדינגט אָפּגעשאַפט ווערען.

פר. ספּעקטאָר, באַלטימאָר, זאָגט: מיר זיינען אויך מיט דער מיינונג, אַז יערליכע קאָנווענשאָנס מוזען אָפּגעשאַפט ווערען, כדי צו פאַרמיידען די דעפיציטען, וועלכע מיר האָבען. עס איז אָבער אונזער מיינונג, אַז גרויסע קאָנווענשאָנס קאָנען ניט רואיג פאַסען געזעצען. דעריבער איז נייטיג צו האָבען אויך אַ קליינע קאָנווענשאָן אין 1924, מיט דער זעלביגער פאַרטרעטערשאַפט ווי קליינע קאָנווענשאָנס האָבען געהאַט ביז איצט. מיט אַלע אַנדערע אַרגומענטען פון פר. גינזבורג איז ער איינפאַרשטאַנען.

פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, מאַכט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז ביידע פאָרשלאָגען פון דער קאָנווענשאָן קאָמיטע, סיי דער פאָרשלאָג פון דער מינאָריטעט און סיי דער פאָרשלאָג פון דער מאַיאָריטעט, זאָלען גיין צום רעפערענדום.

פר. לעוויטאַן רעכנט, אַז די דאָזיגע פראַגע באַלאַנגט איבערהויפּט ניט צו דער קאָנווענשאָן קאָמיטע. עס ווערט געמאַכט אַן אַפּיל געגען טשער פון פר. גינזבורג, וועלכער רעכנט, אַז יעדע קאָמיטע האָט אַ יוריסדיקציע איבער דער פראַגע, צי זאָלען געוויסע פונקטען פון דער קאָנסטיטוציע געענדערט ווערען. דער אַפּיל ווערט גוטגעהייסען.

די רעקאָמענדאַציע פון פר. גוסקין ווערט אָנגענומען, און עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען ביידע רעקאָמענדאַציעס צו אַ רעפערענדום.

עס ווערט אויך באַשלאָסען, אויב עס וועט דורכגיין, אַז אין 1924 זאָל געהאַלטען ווערען אַ קליינע קאָנווענשאָן, זאָל אויף דעם רעפערענדום געשטימט ווערען, צי די קאָנווענשאָן זאָל זיין אין קליוולאַנד, אָדער אין פילאַדעלפיע. אויב אַ גרויסע קאָנווענשאָן אין 1924, זאָל זיי זאין ניו־יאָרק.

פר. וואָלאָס, פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, לעזט פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

### וועגען אונטערשטיצען די אַרבעט פון „אָרט“

אַנערקענענדיג די וויכטיגקייט פון דער טעטיגקייט פון דעם פאַרבאַנד „אָרט“ אויף דעם געביט פון פאַרשפּרייטען פּראָדוקטיווע אַרבעט און פאַכליכע בילדונג צווישען די אידען אין מזרח־איראָפּע, און וועלענדיג שטיצען אויף אַ געהעריגען אופן די אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיווע אַנשטאַלטען פון „אָרט“ און די פאַרזאָרגונגס־אַנשטאַלטען פאַר לערן־אינגלאַך, רעקאָמענדירט די קאָנווענשאָן, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו זאָל אָפּגעבען פאַר׳ן „אָרט“ אַ באַדייטענדע סומע, וועלכע זאָל אין משך פון יאָר געזאַמעלט ווערען פון אַ. ר. פאַר רעליף־צוועקען.

נעמענדיג אָבער אין באַטראַכט די שווערע לאַגע פון די דערמאָנטע אַנשטאַלטען פון „אָרט“ אין דעם איצטיגען מאָמענט, רעקאָמענדירט די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע אַרויסצוגעבען דעם פאַרבאַנד „אָרט“ 5 טויזענט דאָלאַר פון די געזאַמעלטע הילפס־געלדער, וועלכע געפינען זיך אין רשות פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און זאָל אַרונטערגענומען ווערען פון די געזאַמעלטע געלדער פון רעליף פון קומענדען יאָר. עס זאָל אויך רעקאָמענדירט ווערען צו אַלע מיטגלידער פון אַלע בראַנטשעס מיטצוהעלפען ווי וויים מעגליך צום ערפאָלג פון דער דעלעגאַציע פון „אָרט“ אין אַמעריקע.

די רעזאָלוציע ווערט איינשטימיג אָנגענומען.

### רעזאָלוציע וועגען אַמנעסטיע

אין אַנבאַטראַכט, אַז אין די פעדעראַל פּריזאָנס פון די פאַראייניגטע שטאַטען געפינען זיך פיל מענער און פרויען אַלס פּאָליטישע פּריזאָנערס, ניט דערפאַר ווייל זיי זיינען באַגאַנגען פאַרברעכענס, נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבען אויסגעדריקט מיינונגען דורך רעדען אָדער שרייבען;

אין אַנבאַטראַכט, אַז די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען דערלויבט פרייע רעדע און פרייע פּרעסע;

אין אַנבאַטראַכט, אַז דער עספּיאָנאַדזש געזעץ, אונטער וועלכען זיי זיינען גע׳משפּט געוואָרען, איז שוין אָפּגעשאַפט געוואָרען, און

עס איז שוין ניטאָ קיין אָפיציעלע אורזאַך זיי ווידער צו האַלטען פאַרשפאַרט;

אין אָנבאַטראַכט, אַז קענעדע און אַלע דעמאָקראַטישע לענדער פון אייראָפּע האָבען שוין לאַנג דערקלערט אַן אַלגעמיינע אַמנעסטיע פאַר פאָליטישע אַרעסטירטע, —

באַשליסט די 22־טע יערליכע קאָנוועגשאָן פון אַ. ר., באַשטייענד פון 164 דעלעגאַטען, פאַרטרעטענדיג 84 טויזענט מיטגלידער, אַז עס איז געגען די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון די פאַראייניגטע שטאַטען זיי ווייטער צו האַלטען פאַרשפאַרט און צו פאָדערען זייער באַלדיגע באַפרייאונג.

אַ קאָפּיע פון דער דאָזיגער רעזאָלוציע זאָל געשיקט ווערען צו וואָרען ג. האַרדינג, פרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען און צו ה. דאָהערטי, אַטאָרני דזשענעראַל.

איינשטימיג אָנגענומען.

עס ווערט אויך אָנגענומען אַ קאָרעקשאָן צו דער רעזאָלוציע וועגען סאַניטאַריום־טאָג. עס זאָל זיך לעזען: אַז דער גרעסטער טייל פּראָפיט פון סאַניטאַריום־טאָג זאָל גיין צו דעם לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום.

## לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום

אין אָנבאַשראַכט, אַז די גרעסטע צאָל ליידענדע פון קאָנסאָמפּשאָן ליגען זייערע גרעסטע האָפענונגען צו ווערען געהיילט אין קאַליפאָרניע;

אין אָנבאַטראַכט, אַז די צאָל קראַנקע, וועלכע ווענדען זיך צו ווערען אַריינגענומען אין לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום וואַקסט לוידער פון יאָר צו יאָר, גאָרניט אין פאַרגלייך צו די מיטלען, וועלכע דער סאַניטאַריום באַזיצט היינט צו קענען די קראַנקע אַריינגעמען; אין אָנבאַטראַכט פון דעם, וואָס דער סאַניטאַריום פון לאָס־אַנדזשעלעס האָט אימער געוויזען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט צו די נויטען פון אונזערע מיטגלידער לויט די מעגליכקייטען, וועלכע די אינסטיטוציע באַזיצט, — באַשליסט די 22־טע קאָנוועגשאָן פון אַ. ר. צו רעקאָמענדירען צו אונזערע ברענטשעס אַנטייל צו נעמען אין אַלע אָרטיגע קאָנפערענצען און אונטערנעמונגען, וועלכע באַצוועקען צו שאַפען הילף פאַר דעם לאָס־אַנדזשעלעס קאָנסאָמפּטיוו סאַניטאַריום.

די רעזאָלוציע איז אַריינגעבראַכט געוואָרען פון דער קאַליפאָרניער דעלעגאַציע: שאול עלשטיין, בר. 428; ר. ראָזענשטיין, בר. 655, און א. שניידער, בר. 144.

איינשטימיג אָנגענומען.

## וועגען נאַטשוראַליזיישאָן

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. דריקט אויס איר וואונטש, אַז די מיטגלידער פון אַ. ר. זאָלען ווערען בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע. די קאָנווענשאָן פאָדערט אויך אויף די ברענטשעס פון אַ. ר. צו וועקען דעם אינטערעס פון דער מיטגלידערשאַפט צו ווערען בירגער, און דאָס זיי זאָלען שטיצען די עקזיסטירענדע נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליגס איבער׳ן גאַנצען לאַנד פינאַנציעל און מאָראַליש.

אָנגענומען.

## וועגען דער אידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילען

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. אנערקענט די וויכטיגע אַרבעט פון דער אידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילען און באַשליסט צו באַאויפטראַגען די קומענדע עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון אַ. ר. דורכצופירען אַ ספּעציעלע שול־וואָך, וואו געלט־זאַמלונגען זאָלען געמאַכט ווערען פאַר דער אויבענדערמאָנטער אָרגאַניזאַציע.

אָנגענומען.

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט צו מאַכען אַן אויסנאַם מיט אַן אַפּיל פון מר. ה. סענדלער פון נאָרפאָלק, וואַ., און איבערגעבען זיין אַפּיל פאַר באַטראַכטונג צו דער קומענדער עקזעקוטיוו קאָמיטע.

## רעזאָלוציע וועגען געלט שטיצען צו פאַרשידענע קערפּערשאַפטען

1. צו שטיצען דעם „בונד" מיט 1,000 דאָלאַר.
עס קומען אַריין 2 אַמענדמענטס: פאַר 1,000 דאָלאַר און פאַר 500 דאָלאַר. עס ווערט אָנגענומען דער אַמענדמענט פאַר 1,000 דאָלאַר.
2. צו שטיצען די ראַנד סקול מיט 1,000 דאָל. — אָנגענומען.
3. צו שטיצען די „קאָל" מיט 1,000 דאָל. — אָנגענומען.
4. צו שטיצען די נאַציאָנאַלע היים פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין שיקאַגאָ מיט 750 דאָל. עס ווערט אַמענדירט פאַר 1,000 דאָל. דער אַמענדמענט ווערט אָנגענומען.
5. צו שטיצען די „פרייע אַרבייטער שטימע" מיט 300 דאָלאַר. אַמענדירט פאַר 500 דאָלאַר. — אַמענדמענט פאַלט דורך.
6. צו שטיצען דעם לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום מיט 1,000 דאָלאַר. אַמענדירט פאַר 2,000 דאָלאַר. — אַמענדמענט פאַלט דורך.
7. צו שטיצען די לאָס־אַנדזשעלעס רעליף מיט 1,500 דאָלאַר. — אָנגענומען.
8. צו שטיצען דעם דענווער סאַנאַטאָריום מיט 500 דאָלאַר. — אָנגענומען.
9. צו שטיצען די דענווער רעליף מיט 500 דאָל. — אָנגענומען.
10. צו שטיצען די עקס־פּיישענט האָום פון דענווער מיט 500 דאָלאַר. — אָנגענומען.
11. צו שטיצען די אַמנעסטיע באַוועגונג מיט 1,000 דאָל. — אָנגענומען.

עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז די נעקסטע עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל האָבען דאָס רעכט ווי אַזוי צו פאַרטיילען די געלט.

12. צו שטיצען פאַרשידענע האָספּיטעלער אין די גרעסערע שטעט מיט 4,000 דאָלאַר, לויט דעם איינזען פון דער עקזעקוטיווע. — אָנגענומען.
13. צו שטיצען דעם „האַיאַס" (היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי) מיט 3,000 דאָלאַר. — אָנגענומען.
14. צו שטיצען דעם „מעסענדזשער" מיט 250 דאָל.—אָנגענומען
15. צו פּרעזענטירען די סעקרעטאַרען פון דער קאָנווענשאָן מיט 50 דאָלאַר: — אָנגענומען.
16. צו שטיצען די נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג פון ניו־יאָרק מיט 300 דאָלאַר. — אָנגענומען.
17. צו שטיצען דעם סאַקאָ־וואַנזעטי פאַרטיידיגונגס־פאָנד מיט 100 דאָלאַר. עס ווערט אַמענדירט אויף 500 דאָלאַר. אַמענדמענט דורכגעפאַלען.
18. צו באַווילינען פאַר די קינדער־שולען אין פּוילען פון די געלדער פון רעליף, וועלכע דער גענעראַל־אָפיס קלייבט, 1,000 דאָל. — אָנגענומען.
19. צו שטיצען די טאָראָנטאָ אַנשטאַלטען ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| עזרת נשים האָספּיטאַל — — — — — — | $200 |
| היברו טשאַריטיס — — — — — — | 50 |
| פאָלקס פאַראיין — — — — — — | 200 |
| מושב זקנים — — — — — — — | 50 |
| אַרבעטער־רינג שולען (2) — — — — | 200 |
| אַרבעטער־רינג ביבליאָטעק — — — — | 50 |
| קינדער־כאָר — — — — — — — | 50 |
| אַרבעטער־רינג בענד — — — — — | 100 |
| היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי — — — | 100 |
| האַמילטאָן שולע — — — — — — — | 100 |
| לייבאָר־לייסעאום, טאָראָנטאָ — — — — | 300 |
| אַרבעטער־רינג הייזער — — — — — | 300 |
| אַראַנזשמענט קאָמיטע — — — — — | 100 |

אָנגענומען.

דער טשערמאַן שטעלט פאָר דר. יוליוס האַלפערן, סעק. פון דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד פון סאַניטאַריום, וועלכער ווערט וואַרם אויפגענומען פון דער קאָנווענשאָן. ער באַריכטעט:

„היינטיגער יאָר קען פאַרצייכענט ווערען אַלס אַ יאָר פון שטילער און רואיגער אַרבעט. עס איז ניטאָ קיין איין זאַך, וועלכע זאָל שטערען דעם רואיגען רוטינעם גייסט פון דעם לעבען אין סאַניטאַריום. די פּאַציענטען האָבען זיך צוגעוואוינט צו דער דיסציפּלין, ווייל זיי פאַרשטייען, אַז מיר מיינען זייער טובה און זיי באַטראַכטען אונז אַלס ברידער און פריינד.

אַלס וויזיטינג פיזישען קומט מיר אָפט אויס צו באַזוכען דעם סאַניטאַריום. איך אונטערזוך די פּאַציענטען, וועלכע דאַרפען אַרויסגיין און זע, אַז די יעניגע, וועלכע דאַרפען שוין דעם סאַניטאַריום ניט האָבען, זאָלען אויסגעשריבען ווערען. עס קומט מיר אָבער אויס זייער פיל זיך צו באַשעפטיגען אַלזייטיג מיט די פראַגען פון סאַניטאַריום. אויך האָב איך קאָנסולטאַציעס מיט די דאָקטוירים, וועלכע זיינען דאָרט. פון אַלע מיינע באַאָבאַכטונגען קאָן איך זאָגען, אַז דער סאַניטאַריום איז אַ מאָדערנע אינסטיטוציע מיט אַ רייכער אויסשטאַטונג, וועלכע דערפילט אירע פונקציעס פיל בעסער ווי די רייכסטע סאַניטאַריומס פון לאַנד. אַלע מיינע וויזיטען טו איך אין דער שליחות פון דעם מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד, פאַר וועמען איך גיב אויך אָפּ אַ באַריכט.

„היינטיגס יאָר זיינען אַריינגעקומען אין סאַניטאַריום 232 פּאַציענטען. מיט פרייד קאָן איך קאָנסטאַטירען דעם פאַקט, אַז אַ גרויסער פּראָצענט איז גענצליך אויסגעקורירט געוואָרען. ביי 82 פון די קראַנקע איז די קראַנקהייט אַרעסטירט געוואָרען, ד. ה. אָפּגעשטעלט געוואָרען. 10 פּאַציענטען זיינען אין גאַנצען געזונט געוואָרען, 17 פּאַציענטען האָבען מיר געהאַט אָבזערוויישאָן און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז זיי האָבען גאָר קיין טובערקולאָזיס ניט געהאַט. בלויז 4 האָבען ניט געצייגט קיין צייכענס פון פאַרבעסערונג. און 11, טראָץ דעם, וואָס זיי זיינען פאַרבעסערט געוואָרען, איז אָבער זייער קראַנקהייט געווען אַזוי פיל אַדוואַנסד, אַז זיי זיינען איצטען אויך

זייער געפערליך קראַנק. אָט די ערפרייענדע רעזולטאַטען האָבען מיר צו פאַרדאַנקען די היימישע אַטמאָספערע אין אונזער אינסטיטוציע און מאַקע אויך די גוטע פּראָדוקטען, וועלכע ווערען פאַרברויכט אין סאַניטאַריום. מיר קוקען קיינמאָל ניט אויף די פּרייזען; מיר זען, אַז די פּראָדוקטען זאָלען זיין נאַרהאַפט און געשמאַק.

מיר האָבען אַלע מאָדערנע איינריכטונגען. אונזער לאַבּאָראַטאָריע געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון אונזער דזשוניאָר דאָקטאָר. מיר האָבען אַ גוט איינגאָרדענטען עקס־ריי דעפּאַרטמענט. מיר נעמען בילדער פון די אינערליכע אָרגאַנען פון יעדען פּאַציענט. דר. אינגערמאַן קומט זייער אָפט צו מאַכען די אָפּעראַציעס, וועלכע זיינען זייער נייטיג פאַר דעם געזונדהייט־צושטאַנד פון יעדען פּאַציענט. די נאָז איז דער הויפּט־אָרגאַן, וועלכער ציט אַריין אין זיך דעם זויערשטאָף פון לופט. עס איז זייער וויכטיג, אַז אָט דער אָרגאַן זאָל זיך געפינען אין אַ גוטען צושטאַנד. מיר האָבען אויך איינגעריכטעט אַ דענטאַל קליניק, וועלכער זאָל אויפּפּאַסען אויף די ציינער פון די פּאַציענטען. מיר נעמען אויך אָן אינטערעס אין דעם, אַז דער אויסערליכער אויסזען פון דער אינסטיטוציע זאָל זיין צוציענד. עס געפינען זיך אַרום די געביידעס פון סאַניטאַריום שיינע בלומען, וועלכע מאַכען דעם געגענט פאַר אַ וואונדערשיינעם פּלאַץ.

אין סאַניטאַריום איז אָבער ניט אַלץ אַזוי גוט, ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלען. מיר האָבען נאָך ביז איצט ניט קיין גוטע אַדמיניסטריישאָן בילדינג. מיר האָבען אויך ניט קיין רעקריייישאָן בילדינג פאַר די פּאַציענטען, וואו זיי זאָלען זיך קאָנען צוזאַמענקומען. עס איז אַ גרויסע פּראָבלעמע צו זען, אַז די פּאַציענטען זאָלען זיין באַשעפטיגט. און די צוקונפטיגע קאָמיטעס דאַרפען זיך מיט דעם באַשעפטיגען. די שווערסטע פּראָבלעמע איז מיט די אומגליקליכע פּאַציענטען, וועמעס קראַנקהייט איז ווייט פאָרגעשריטען. ביי אונז אין סאַניטאַריום האָבען זיי קיין פּלאַץ ניט, און איך האָב זייער פיל האַרצברעכעניש ווען איך דאַרף די פּאַציענטען אָפּזאָגען פון דעם סאַניטאַריום טריטמענט. די קאָנווענשאָן דאַרף זען צו טאָן אין אָט דער הינזיכט, אַז אויך די אומגליקליכע זאָלען קאָנען אין אַ געוויסער מאָס פאַרזאָרגט ווערען.

אין אַלגעמיין קאָן איך אייך זאָגען, אַז דער סאַניטאַריום איז איינע פון די וויכטיגסטע אינסטיטוציעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. מען זאָגט אַן אַלטען שפּריכוואָרט: „אַ געזונטער גייסט אין אַ געזונטען קערפּער“. דער סאַניטאַריום ברענגט צוריק די קראַנקע מיטגלידער צו זייערע פאַמיליען אין אַ בעסערען צושטאַנד. און עס זיינען ווערט אַלע קאָסטען, וועלכע דער סאַניטאַריום האָט. אין נאָמען פון סאַניטאַריום באַגריס איך אייך און ווינטש אייך גליק.“

דר. האַלפּערן ווערט האַרציג אַפּלאָדירט פאַר זיין באַריכט.

דער טשערמאַן שטעלט פאָר גענאָסע ראָוער, מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

„דעם אַפּלאָז, וואָס איך האָב איצט געקראָגען — זאָגט גענ. ראָוער — נעם איך ניט אויף מיין רעכענונג, נאָר אויף דעם רעכענונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען. איך בין געשיקט געוואָרען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ערשטענס, אייך צו באַגריסען, און צווייטענס, אייך צו דערציילען, אַז טראָץ אַלע שוועריגקייטען, וועלכע מיר האָבען פון אונזערע שונאים, די קאַפּיטאַליסטען, און די אינעווייניגסטע ריסערייען, איז אונזער קאָנווענשאָן, וועלכע איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין קליוולאַנד, געווען איינע פון די וויכטיגסטע היסטאָרישע פּאַסירונגען אין לאַנד. מיר זיינען אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, און מיר זיינען געקומען צום שלוס, אַז אונזער אויפגאַבע איצט איז צוצוציען די אַרבעטער־מאַסען פון לאַנד צו אונזער פּראָגראַם.“

גענאָסע ראָוער דערציילט, ווי שיין אַ סאָציאַליסטישע דעלעגאַציע איז אויפגענומען געוואָרען פון די רעילוויי קאָנדוקטאָרס, וואָס האָבען אָפּגעהאַלטען זייער אַקנווענשאָן אין קליוולאַנד.

„אַלע דרײַ פאָרשטייער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס ענטוזיאַזם. עס איז קענטיג, אַז די אַרבעטער־מאַסען הייבען אָן צו באַגרייפען, ווער זייערע פריינד זיינען.“

גענאָסע ראָוער ענדיגט זיין באַגריסונג מיט אַ באַמערקונג, אַז די צייט איז ניט ווייט, ווען אַלע אַרבעטער־מאַסען וועלען זיך פאַראייניגען אונטער דער פאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און מיט פאַראייניגטע כחות וועט אָפּגעשאַפט ווערען די איצטיגע צעפוילטע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג.

אָלגין באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער „פריי־הייט“ און פון דער אידישער פעדעראַציע פון דער וואָרקערס פּאַרטי. ער זאָגט:

„איך בין באַאויפטראָגט פון דער אידישער פעדעראַציע און פון דער „פריהייט“ צו באַגריסען די קאָנווענשאָן. די טוער פון דער פעדעראַציע זיינען ניט קיין נייע אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. איר קענט זיי ניט נאָר פון אַמעריקע, נאָר אויך פון דער אַלטער היים, פּוילען, ליטע און רוסלאַנד. די אַלע טוער, וואָס זיינען געווען טעטיג אין דער אַלטער היים, זיינען אויך די טוער דאָ אין אַלע אידישע יוניאָנס און הויפּטזעכליך אין אַ. ר. עס איז מערקווירדיג, אַז מען באַשולדיג איצט די „לינקע“, אַז זיי ווילען ברעכען די אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז ניט ריכטיג. מיר ווילען בלויז אַריינטראָגען אַ נייע נשמה, אַ רעוואָלוציאָנערען גייסט אין די מוחות פון די אַרבעטער־מאַסען. אנשטאָט די איצטיגע יוניאָנס, ווילען מיר שאַפען איין גרויסע אינדוסטריעלע יוניאָן, וועלכע זאָל פאַראייניגען אַלע אַרבעטער פון לאַנד. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז טויט. מיר ווילען פאַראייניגען די אַרבעטער אונטער אַן אַנדער פּאַרטיי.

אין אַ. ר., דענקען מיר, אַז יעדער מיטגליד האָט דאָס רעכט צו פּרעדיגען די אידעאַלען, וועלכע זיינען אים טייער. אין אַ. ר. דאַרף זיין פּלאַץ פאַר אַלע ריכטונגען. מיר דענקען, אַז טראָץ דעם, וואָס די פירער פון אַ. ר. זיינען ניט מיט אונז, וועט אָבער קומען אַ צייט, ווען די מיטגלידער וועלען יע זיין מיט אונז.“

פר. אָלגין אַפּעלירט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל שטיצען די „פריהייט“.

דער טשערמאַן שטעלט פאָר פר. כאַנין, פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד.

„איך באַגריס אייך אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, פון דעם אידישען סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד. דעם גרויסען אַפּלאָז, וועלכען די דעלעגאַטען האָבען מיר געגעבען, נעם איך, נאַטירליך, ניט אויף מיין רעכענונג, נאָר אויף דעם רעכענונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, צו וועלכער אויך דער פאָריגער רעדנער האָט ביז ניט לאַנג צוריק באַלאַנגט און וועלכע ער באַטראַכט איצט אַלס טויט, ווייל ער איז פון איר אַרויסגעגאַנגען. לויט די אונטערזוכונגען, וועלכע איך האָב געמאַכט, צייגט זיך אַרויס, אַז 106 דעלעגאַטען פון דער איצטיגער קאָנווענשאָן באַלאַנגען צו דער ס. פּ. די אַ. ר. מיטגלידער האָבען אָט די דעלעגאַטען ערוויילט, און דאָס צייגט, אַז די מיטגלידער פון אַ. ר. זיינען נאָך מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

עס טוט מיר לייד, וואָס איך דאַרף רעדען נאָך דעם פאָריגען רעדנער, וועלכער האָט באַליידיגט אונזערע געפילען און איז טראָץ דעם אויסגעהערט געוואָרען מיט דער גרעסטער טאָלעראַנץ. איך וואָלט ניט וועלען רעדען אין גאַנצען וועגען די פאַרבאַהאַלטענע אַטאַקעס, וואָס דער רעדנער האָט געמאַכט. מר. אָלגין וויל אַריינברענגען אַ נייעם רעוואָלוציאָנערען גייסט אין אַ. ר. אָט די צעקראָכענע אינטעליגענטע נשמות, וואָס ווערען באַגייסטערט יעדען טאָג פון אַ נייעם אידעאַל, וועלכע ס׳איז אַזיפ׳ן־מאַרקעט, רעדען פון אַ רעוואָלוציאָנערען גייסט. וויפיל איראָניע איז פאַראַן אין אָט די ווערטער! מיט צוויי יאָר צוריק האָבען די זעלביגע פּערזאָנען דורך ביליגע פּאַטריאָטישע פראַזען גערופען די אידישע אַרבעטער צו מאָרד געגען אַנדערע אַרבעטער. היינט ריידען זיי פון רעוואָלוציע. מיר זיינען אַרבעטער, אין וועמעס נאָמען כלומר׳שט דער פאָריגער רעדנער האָט גערעדט — פּראָסטע אַרבעטער, ניט קיין אינטעליגענטען, און מיט אונזער געזונטען אינסטינקט פילען מיר, ווער עס זיינען אונזערע ריכטיגע פריינד און ווער עס וויל זיך מאַכען אַ קאַריערע אויף דעם חשבון פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער אַ. ר. האַלט היינט די 22־טע יערליכע קאָנווענשאָן. ער שטייט אויף זיינע אייגענע פיס. און מיר דאַרפען ניט וואַרטען ביז אונזערע אינטעליגענטען זאָלען אונז קומען אַריינבלאָזען אַ נייע נשמה. מיר האָבען אַ געזונטע נשמה. און מיט אונזער אַרבעט מאַכען מיר מעגליך אויך, אַז קראַנקע, וואַקלענדיגע נשמות זאָלען ניט פאַרלאָרען גיין אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, נאָר זיי זאָלען זיך צוטוליען צו אונזער קערפּער.

ווי איך האָב געזאָגט, האָט דער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד צווישען די דעלעגאַטען זייער פיל פריינד. איר האָט עס אַרויסגעצייגט מיט אייערע אָוואַציעס. איך בין זיכער, אַז ווען דער פאַרבאַנד זאָל וועלען קריגען שטיצע פון דער קאָנווענשאָן, וואָלט ער דאָס געקראָגען אין אַ גרויסער מאָס. אָבער מיר ווילען ניט אַריינברענגען קיין צווייטיגקייטען, און עס וואָלט געווען זייער ראַטזאַם פאַר אונזערע „לינקע“ פאַרזאָרגער, זיי זאָלען נאָכטאָן אונזער ביישפּיל.

מען רעדט איצט וועגען אַ פאַראייניגטען פראָנט. נאַטירליך ווילען מיר אַ פאַראייניגטען פראָנט. אָבער אַ פאַראייניגטער פראָנט קאָן נאָר זיין ווען די דאָזיגע געגנער, וועלכע זוכען אונז ביי יעדער געלעגענהייט צו פאַרשוואַרצען, וועלען געשלאָגען ווערען. ווען זיי זיינען געשלאָגען, רעדען זיי אַזעלכע צוקער־זיסע רעדעס. מיר דאַרפען זיי

ארויסשטעלען אין זייער ריכטיגען געשטאַלט און דאַן וועלען די אַרבעטער, אנשטאָט זיך אַרומצודרקיגען צווישען זיך, פאַראייניגט מאַרשירען געגען אונזער שונא, דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס.״

וועגען דעם פונקט וויפיל מען זאָל שטיצען דעם לאָס-אַנדזשעלעס סאַניטאַריום אנטשטייט אַ דיסקוסיע. פר. גוסקין רעדט דערפאַר, אַז די שטיצע זאָל זיין מער. ה. פיינערמאַן רעדט דאַגעגען. עס ווערט אָנגענומען צו שטיצען זיי לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.

עס ווערט פאָרגענומען וואַל פאַר טשערמאַן פאַר דער נעקסטער זיצונג. פר. ס. נודעלמאַן, ניו-יאָרק, ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן, און סווערדלאָף, פילאַדעלפיע, אַלס ווייס-טשערמאַן.

דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

---

## ניינטע זיצונג

די ניינטע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג, 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג, מיט פר. נודעלמאַן אַלס טשערמאַן און סווערדלאָף, פילאַדעלפיע, אַלס ווייס-טשערמאַן.

פר. איווענסקי באַגריסט די קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט. ער זאָגט:

„די אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרען אויף די זעלביגע יסודות ווי דער אַ. ר. מען זאָגט, אַז קאָאָפּעראַציע האָט ניט קיין ערפאָלג צווישען די אידישע מאַסען. דער פאַקט, אַז דער אַ. ר., וואָס איז אייגענטליך בלויז אַ קאָאָפּעראַטיווע אינשורענס געזעלשאַפט קומט מיט אַ שיינעם רעקאָרד צום 22טען קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ, צייגט, אַז קאָאָפּעראַציע איז ערפאָלגרייך צווישען די אידישע מאַסען. און אַזוי ווי ער איז ערפאָלגרייך אויף דעם אינשורענס געביט, האָפען מיר, אַז ער וועט אויך זיין ערפאָלגרייך אויף דעם געביט פון קאָאָפּעראַציע. די אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט פירט אייגענטליך אויס די שליחות, וואָס די קאָנווענשאָנס פון אַ. ר. לייגען ארויף אויף זייערע מיטגלידער. יאָר איין, יאָר אויס, ווערען אָנגענומען רעזאָלוציעס צו גונסטען פון קאָאָפּעראַציע. די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט פירט אייגענטליך אויס אָט די מיסיע. מיר לעבען איצטער דורך אַ שווערען קריזיס, אָבער מיר האָפען אַז די אַ. ר. מיטגלידער וועלען אונז ניט לאָזען פאַלען. די צרה מיט אונזערע ביז-אַהעריגע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען איז, אַז אין דער צייט, ווען עס הייבט אָן בליען און ווען מען האָט שוין געצאָלט געגוג רבי-געלט, האָט די אונטערנעמונג ניט גענוג מיטלען פאָרצוזעצען די אַרבעט. מיר האָבען געמאַכט פיל פעלערען. און ווען מיר זאָלען אונזער אַרבעט פאָרזעצען, וועלען מיר אָט די פעלערען פאַרמיידען. מיר אַפּעלירען צו די פאָרשטייער איבערן גאַנצען לאַנד צו זען אַנטוויקלען קאָאָפּעראַציע און אויך אונז העלפען פינאַנציעל און מאָראַליש אין אונזער אונטערנעמונג. מיר באַגריסען אונזער מוטער-אָרגאַניזאַציע, דעם אַ. ר., אין איר 22-טער יערליכער קאָנווענשאָן און מיר ווינטשען איר ערפאָלג אין אייער אַרבעט.״

פר. באַסקין, דער גענעראַל-סעקרעטער פון אַ. ר., ווערט פאָרגעשטעלט און ער ווערט באַגעגענט מיט אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטען. פר. באַסקין באַריכטעט:

„אין היינטיגען באַריכט וועגען דעם צושטאַנד פון אַ. ר. קענען מיר אויך שטאָלץ זיין אין דעם גלענצענדען רעקאָרד, וועלכען מיר האָבען געמאַכט, טראָץ אַלע שוועריגקייטען. איך האַלט דאָ איצטער אַ קאָפּיע פון דעם „פראַטוירנאַל מאָניטאָר״, וועלכער צייגט, אַז די מייסטע אָרדענס איבער דעם גאַנצען לאַנד האָבען געהאַט אַ פאַרלוסט אין מיטגלידער.

פון די אידישע אָרדענס האָט דער אָרדען „ברית אברהם״ געהאַט אַ פאַרלוסט פון 24 פּראָצענט; דער אָרדער „סאָנס אוו ציון״ — אַ פאַרלוסט פון 5 און 10/4 פּראָצענט; דער „אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם״ — 3 און 10/7 פּראָצענט; דער „אידעפּענדענט אַרבעטער-רינג״ — 3 און 10/8 פּראָצענט.

אָבער מיר קענען שטאָלץ זיין צו באַריכטען אויף היינטיגס יאָר אַ געווינס אין מיטגלידערשאַפט פון נענויע 2 פּראָצענט. אונזער מיטגלידערשאַפט אין ענד פון 1920 איז געווען 81,576. אין ענד פון 1921 איז די מימגלידערשאַפט געוואַקסען אויף 83,106, — אַ ריינער געווינס פון 1,530.

מיר מוזען מודה זיין, אַז אין דעם געווינס פון מיטגלידער האָבען מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס מיר האָבען אריינגענומען די מיטגלידער פון מאַסאַטשוזעטס. מיר דאַרפען אָבער ניט פאַרגעסען, אַז מיר האָבען געהאַט היינטיגס יאָר זייער אַ שווערען יאָר. מיטגלידער, וועלכע האָבען באַלאַנגט 20 יאָר צום אַ. ר., זיינען געשטראָכען געוואָרען צוליב דעם וואָס זיי האָבען ניט געקענט באַצאָלען זייערע בילס. נאַטירליך, זיינען די ברענטשעס שולדיג וואָס זיי האָבען געלאָזט, אַז אַלטע מיטגלידער זאָלען זיך שטרייכען צוליב אומבאַדייטענדע סומען. אָבער דאָס צייגט וואָס פאַר אַ שווערען עקאָנאָמישען קריזיס מיר לעבען דורך אין לאַנד. און איך וויל, אַז די דעלעגאַטען פון אַלע שטעט זאָלען וויסען, אַז עס מוזען גענומען ווערען מיטלען געגען דער שרעקליכער שטרייך-מגפה, וואָס מיר לעבען איצט איבער. עס וואָלט זייער ראַטזאַם געווען, אַז אַ פאָנד פאַר נעשטראָכענע מיטגלידער זאָל געשאַפען ווערען.

עס איז זייער אינטערעסאַנט צו באַטראַכטען די צאָל געשטראָכענע לויט זייער באַשעפטיגונג. מען זאָגט, אַז אין אַ. ר. האָבען זיך אריינגעכאַפּט קליינבירגער. און איך מוז אייך זאָגען, אַז די צאָל פון די מיטגלידער, וועלכע גייען פון אונז אַוועק, זיינען מייסטענס ביזנעסלייט. זיי מאַכען אויס גאַנצע 17 פּראָצענט, אין דער צייט וואָס אַרבעטער צייגען אַ פיל קלענערען פּראָצענט פון די געשטראָכענע. פאַרקערט, די אַרבעטער אין דער נאָדעל-אינדוסטריע גיבען דעם קלענסטען פּראָצענט געשטראָכענע, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין אָט דער אינדוסטריע זיינען לעצטענס פאָרגעקומען אַזוי פיל סטרייקס און לאָקאַוטס.״

פר. באַסקין גייט דאַן איבער צום צושטאַנד פון יעדען פאָנד באַזונדער, און באַמערקט:

„טראָץ דעם, וואָס געוויסע פאָנדס צייגען אַ סורפּלוס, קענען מיר אָבער אונזערע בענעפיטס ניט פאַרגרעסערען. מיר האָבען אַ גרויסען סורפּלוס אין קראַנקען בענעפיט פאָנד, קענען מיר זיך אָבער ניט דערלויבען צו מאַכען אירגענד וועלכע ענדערונגען אין אונזער בענעפיט פאָנד. פריער אָדער שפּעטער וועט אויך מוזען דער קראַנקען-בענעפיט געשטעלט ווערען אויף אַ וויסענשאַפטליכען באָדען. און מיר מוזען זען, אַז עס זאָלען זיין גענוגענדע מיטלען אין אונזערע פאָנדס, אום צופרידען צו שטעלען די פאָדערונגען פון געוויסע סטייטס. מיר דאַרפען אַלע מאָל זען, אַז אונזערע פאָנדס זאָלען זיין גענוג און שטאַרק. עס איז אפשר מעגליך צו מאַכען קלענער די צאָלונגען פאַר קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד. אָט דער פאָנד האָט אויך אַ גרויסען סורפּלוס. אין אַלגעמיין קענען מיר פאַרצייכענען, אַז אַלע אונזערע פאָנדס, וועלכע זיינען געשאַפען צו פאַרזיכערען די בענעפיטס, האָבען אַ סורפּלוס.

דער אַ. ר. איז אַ פירמע פון מיליאָנען. אונזער אַרבעט אין אָפיס האָט זיך אומגעהייער פאַרגרעסערט. דורך דעם אָפיס גייען דורך ריזיגע סומען געלט. און מיט צופרידענהייט קענען מיר זאָגען, אַז טראָץ די קאָמפּליצירטע אַרבעט, איז יעדע זאַך אין אָפיס אין אָרדענונג.

ווען מיר קענען פאַרצייכענען אַ סורפּלוס אין אונזער בענעפיט פאָנד, מוזען מיר אָבער זאָגען, אַז דער אַדמיניסטראַציאָנס פאָנד האָט אויך היינטיגס יאָר געהאַט אַ דעפיציט פון 25 טויזענט דאָלאַר. עס האָט אויך געהאַט אַ דעפיציט דער עדיוקיישאָנאַל פאָנד. און מיר מוזען דערביי באַמערקען, אַז די פּאָבלישינג ביזנעס, צו וועלכע מיר האָבען זיך גענומען, מאַכט אונז פיל צרות. מיר האָבען אַ דעפיציט פון די ביכער ביי 12 טויזענט דאָלאַר. און די קאָנווענשאָן וועט מוזען שאַפען געוויסע רולס צו זען, אַז מיר זאָלען ווייטער ניט פאַרקריכען אין אַזעלכע צרות, ווי ביז אַהער, פון די פּאָבלישינג ביזנעס. אַ גרויסען דעפיציט האָט אויך דער קאָנווענשאָן פאָנד. נאָך היינטיגער טאָראָנטער קאָנווענשאָן, גלויב איך, אַז עס וועט זיין אַ דעפיציט פון אומגעפער 45 טויזענט דאָלאַר. עס איז דעריבער נייטיג, אַז די יערליכע קאָנווענשאָנס זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען, כדי צו פאַרמיידען ווייטערע דעפיציטען.

די אַרבעט אין אָפיס האָט זיך צעוואַקסען. אין אָפיס איז איצטער קאָנצענטרירט אַ געוואַלדיגע טעטיגקייט. מיר האָבען זאָגאַר אָפּטיילונגען, וועלכע קענען באַטראַכט ווערען אַלס לאַבאָראַטאָריעס. דער סטאַטיסטיקאַל דעפּאַרטמענט, אויסער די פּראַקטישע נוצען, וועלכע ער ברענגט, האָט ער אויך אַ וויסענשאַפטליכע ווערדע, און מיט די רעקאָרדס וועלען מיר זיך קענען באַנוצען פאַר וויסענשאַפטליכע צוועקען. דער סטייט דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן האָט אָט די רעקאָרדס באַנוצט שוין אייניגע מאָל פאַר געוויסע אונטערזוכונגען. די חשבונות פון אונזער בוכפירונג דעפּאַרטמענט ווערען וואָס ווייטער אַלץ מער קאָמפּליצירט. דער מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט, דער קעשיער דעפּאַרטמענט און אַלע אַנדערע דעפּאַרטמענטס שאַפען יעדען טאָג נייע פּראָבלעמען, אָבער די סיסטעם איז אַזוי איינגעפירט, אַז אַלץ ווערט צופרידענשטעלענד ערלעדיגט.״

פר. באַסקין רעדט אויך וועגן די איינטריטס־געלט און רעקאָמענדירט, אַז די איינטריטס־געלט זאָל באַנוצט ווערען פאַר אַ ספּעציעלען פאָנד אָפּצושאַפען דעפיציטען, וועלכע קומען פאָר אין אַנדערע פאָנדס. ער גייט דאַן איבער צו רעדען וועגן זיך פּערזענליך און באַמערקט:

„מיין נאָמען איז פיל דערמאָנט געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט די צווייסטיגקייטען, וועלכע קומען פאָר אין אַ. ר. אונזערע „לינקע" שטעלען זיך ניט אָפּ פאַר יעדער פאַרלוימדונג צו באַשמוצען מיין נאָמען. איך מוז אַלע פאַרלוימדונגען מיט פאַראַכטונג צוריקשלײדערען. ווען איך האָב גערעדט אויף דער קאָנווענשאָן פון דער פעדעראַציע געגען אַ שפּאַלטונג, גלויב איך, אַז איך האָב געטאָן מיין פליכט אַלס דער פאָרשטייער פון אונזער גרויסער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטייט פאַר אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. דאָס איז געווען מיין פליכט אַזוי צו טאָן, און ווען די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען, האָט מיר קיינער ניט געקענט פאַרווערען אויסצושפּרעכען מיינע פּערזענליכע מיינונגען אין דער אָדער יענער פראַגע. איך וועל זיך פון קיינעם ניט לאָזען פירען. איך וועל זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשרעקען. איך וועל אַלע מאָל האַנדלען אַזוי ווי מיין געוויסען דיקטירט מיר. ווי ווייט די פאַרלוימדונגען גייען, קען מען זען אין די באַריכטען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אַ געוויסער צייטונג, וועגען דעם שיקאַגאָר מאַססמיטינג און מיין טעטיגקייט אין מילוואָקי. פר. זאָלאַ, פון מילוואָקי, וועלכער באַלאַנגט אַליין צו די „לינקע", איז אָבער אַנשטענדיג גענוג צו דערציילען ווי דער אמת איז, און פון זיינע ווערטער קענט איר זען, אַז מיין גאַנצע טעטיגקייט איז אַוועק נאָר פאַר דעם וואוילזיין פון אונזער אָרגאַניזאַציע אַלס אַ גאַנצע. איך האָב קיינמאָל ניט געטריבען קיין קלייזעל־פּאָליטיק."

פר. באַסקין ענדיגט זיין רעפּאָרט מיט דער באַמערקונג, אַז אַלע דעלעגאַטען וועלען טאָן זייער בעסט אָנצוהאַלטען דעם פּרעסטיזש פון אַ. ר., וועלכער איז איצט געוואָרען אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע.

עס ווערען געשטעלט פאַרשידענע פראַגען צו פר. באַסקינס באַריכט, וועלכע ווערען פון אים פאַרענטפערט, און ער ווערט פון דער קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע פּרעזענטירט מיט אַ בוקעט בלומען אַלס אַנערקענונג פאַר זיין טעטיגקייט אַלס גענעראַל־סעקרעטער און די דעלעגאַטען דריקען אויס זייער וואוט אָף קאָנפידענס אויפשטעלענדיג פון זייערע ערטער.

עס ווערט דאַן פאָרגעשטעלט פר. ליעסין, פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וועלכער ווערט באַגעגענט פון דער קאָנווענשאָן מיט לאַנג־דויערענדע אַפּלאָדיסמענטען. פר. ליעסין באַריכטעט:

„ווען מען רעדט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, מיינט מען געוויינליך די אַ. ר. שולען. און דאָס איז פאַרשטענדליך. די שול איז דאָך דער ספּעציעלער אויפטו, דער נייער אויפטו פון אַ. ר., בעת די לעקטשורס, צום ביישפּיל, זיינען שוין אַ גאַנץ אַנדער ענין — אַזוי אַלט ווי אונזער גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גיט זיך אָבער אָפּ, און גיט זיך אָפּ פיל, אויך מיט עדיוקיישאָנאַל אַרבעט צווישען דערוואַקסענע. אונזער בילדונג־אַרבעט אין שול, צווישען די קינדער פון אַרבעטער, גייט האַנט אין האַנט מיט אונזער בילדונג־אַרבעט אין די בראַנטשעס, צווישען די פאָטערס פון די קינדער. און אונזער אַרבעט אין שול, צווישען די קינדער, וועט זיין אַלץ ערפאָלגרייכער, וואָס ערפאָלגרייכער עס וועט זיין אויך אונזער אַרבעט אין די בראַנטשעס, צווישען די עלטערן פון די קינדער. די אַטמאָספערע פון הויז שפּילט נאָך אַלעמען די הויפּט־ראָלע אין דער ערציאונג. און וואָס אויפגעקלערטער און וואָס געבילדעטער די עלטערן וועלען זיין, אַלץ מער און אַלץ בעסער וועלען זיי קענען ווירקען אויף זייערע קינדער.

רעדט מען אָבער וועגן דער עדיוקיישאָנאַל אַרבעט פון אַ. ר., מיינט מען דאָך דערהויפּט די אַ. ר. שולע. און מען רעדט און מען מיינט, אַז מען פירט דאָ געגען אימיצען אַ קריג, און מען איז זייער קריגעריש געשטימט. און דער אימיצער איז, געוויינליך, דער „פאָרווערטס" און די „פאָרווערטס"־גענאָסען. נון, וויל איך דאָ עפּעס דערציילען. אַט די אַלע רייד, אַז לערנען אידיש מיט אונזערע קינדער איז וויכטיג אַפילו פאַר אונזער באַוועגונג, אַז די קינדער פון אַרבעטער טאָרען ניט פאַרפרעמדט ווערען פון זייערע עלטערן, פון זייער קלאַס, פון די אידעאַלען פון זייער קלאַס — אַט די אַלע ווערטער, וואָס זיינען איצט אַזוי נאַנגבאַר אין די עדיוקיישאָנאַל קרייזען פון אַ. ר., זיינען שוין אַמאָל, נאָר אַמאָל, מיט אַ יאָר 16 צוריק, געשריבען געוואָרען, און דווקא אין דעם זעלבען „פאָרווערטס". איך אַליין האָב דאָס אַמאָל געשריבען, אין אַ לענגערען אַרטיקעל, אונטער'ן נאָמען „אונזערע קינדער", און נאָכהער האָב איך דאָס זעלבע ווידערהאָלט אין אַ לייט־אַרטיקעל, ווידער טאַקע אין „פאָרווערטס" גופא. איך גלויב, אַז דאָס איז אַן אינטערעסאַנטע שטיקעל אינפאָרמאַציע.

עס איז דאַן געווען די עפּאָכע פון סאָציאַליסטישע סאָנדיי סקולס אין דער באַוועגונג, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעקומען, ווי מיר ווייסען שוין איצט, גאַנץ ווייניג סאָציאַליסטען. און ווען איך האָב גערעדט וועגן אידישען שולען פון אַ סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט, איז דאָס מיט 16 יאָר צוריק אויסגעקומען משונה. איצט איז דאָס שוין אַן ערנסטע באַוועגונג פאַר אונז. דער מוסר השכל איז, אַז מען דאַרף אַמאָל ניט מורא האָבען אויסצוזען משונה.

עס איז אמת, אַז די פּאָבליק סקולס האָדעווען נאָר דינער פאַר'ן קאַפּיטאַליסט, אַזוי ווי די העכערע שול האָדעוועט נאָר די אויפזעער איבער די דינער פאַר'ן קאַפּיטאַליסט. אין אַזאַ מיליטאַריסטישען לאַנד, למשל, ווי ספּאַרטאַ איז אַמאָל געווען, איז די ערציאונג געווען דורך־און־דורך אַ מיליטערישע. אין אַזאַ קאַפּיטאַליסטישען לאַנד, ווי אַמעריקע איז איצט, איז די ערציאונג דורך־און־דורך אַ קאַפּיטאַליסטישע. און גרינדען אייגענע פּאָבליק־סקולס, אַזוי ווי אידישע אַרבעטער אין פּוילען פּראָבירען טאָן, קענען מיר ניט, צוליב די היגע ספּעציעלע באַדינגונגען. דאָס קענען אין אַמעריקע דערוויזען נאָר די פרומע אידען צו גרינדען אַזאַ פּאָבליק־סקול ישיבה, ווי די ישיבה פון ר' יעקב יוסף, אַזאַ הײ־סקול ישיבה, ווי די ישיבה פון ר' יצחק אלחנן. די פרומע אידען זיינען אויך אין פיל אַנדערע פּרטים גרעסערע בריות פון אונז. מיר מוזען דאָס מודה זיין. אַלזאָ, מוזען מיר כאָטש צופּאַסען אונזער אַ. ר. שול צו דער פּאָבליק־סקול. צו טאָן דאָס, וואָס די פּאָבליק־סקול טוט ניט, אָדער טוט שלעכט, — און דאָס זוכען מיר צו טאָן.

און לאָמיר זיך ניט שרעקען, אויב עס פאַלט אַמאָל אויף אונז די באַשולדיגונג אין שאָוועניזם, וואָס האָט אייגענטליך קיין שום זין ניט. מיר האַלטען זיך אַלץ אין איין פאַרענטפערען. מיר פאַרענטפערען זיך שוין צופיל און כאַפּען איבער די מאָס. עס איז טאַקע ריכטיג, אַז מיר זוכען צו דערציען אונזער קינדער סאָציאַליסטיש, ווי ווייט מען קען דערציען קינדער סאָציאַליסטיש, דאָס הייסט, ניט צו געבען דעם קינד פאַרטיגע סאָציאַליסטישע מיינונגען, וואָס איז פון שטאַנדפּונקט פון ערציאונג שעדליך און נוצלאָז, נאָר סאָציאַליסטישע שטימונגען, אַרומרינגלען דאָס קינד ניט ניט סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע, נאָר מיט אַ סאָציאַליסטישער אַטמאָספערע. מיר ווילען דאָך אָבער דערביי אויך, אַז דאָס קינד זאָל פילען זיין פאַרבינדונג מיט זיינע עלטערן און זייער קולטור. די פאַרבינדונג מיט זיין פאָלק און מיט דער קולטור פון זיין פאָלק, מיט דער ליטעראַטור און מיט דער פאַרגאַנגענהייט פון זיין פאָלק, אַז דאָס קינד זאָל ניט מיינען, אַז די ששת ימי בראשית הייבט זיך אָן נאָר מיט אים, זייט ער האָט דערזען זיין פּאָבליק־סקול ביכעל, און ווייטער איז אַלץ עפּעס אַ וויסטע ווילדע מעשה פון „גרינהאָרנס".

און איך וויל דאָ נאָך אויסזאָגען אַ סוד, אַז דער גאַנצער ענין פון אידישע שולען נעמט זיך פיליכט טאַקע פון דעם, וואָס מיר, אידען, אַפילו די סאָציאַליסטישע אידען, ווילען ניט פאַרשווינדען. שאָוויניסטען זיינען מיר טאַקע ניט, פאַרשלינגען אַנדערע ווילען מיר טאַקע ניט, אָבער אַליין פאַרשווינדען ווילען מיר אויך ניט. ווי אַלץ, וואָס לעבט, ווילען מיר, אידען, אויך לעבען. דער גלות, צום ביישפּיל, צווינגט אונז אַלץ צו פאַרשפּרייטען זיך, צו צעברעקלען זיך, צו צעשטויבען זיך. און מיר אין דער פאַרשפּרייטונג גופא קאָנצענטרירען זיך אַליין. אַט האָבען מיר געמוזט לויפען מעבר לים, אין אַמעריקע, און געשאַפען דאָ אַ קהלה פון אַנדערהאַלבען מיליאָן אידען אין איין שטאָט. און אין דער אַ. ר. שול איז אויך פאַרמאַסקירט דער געהיימער, אָבער דער אַלטער, אַלטער ווילען אונזערער צו בלייבען און צו לעבען, בשום אופן ניט צו פאַרשווינדען. דער רייכער רעפאָרם־יהודי מאַסקירט אים אויף זיין אופן און גענאָסע מערעם מאַסקירט אים אויף זיין אופן. ניט לאַנג צוריק האָב איך גערעדט וועגן אַט די שולען מיט אַ אידישען קאָמוניסט, טאַקע אַ ריכטיגער קאָמוניסט, ניט קיין בלאָף־קאָמוניסט, אַ קאָמוניסט נאָך פון פאַלמערס צייטען, און איך האָב דערזען אין זיינע אויגען אַ פייערעל. דאָס האָט אין אים געברענט דער

ווילען, ניט אין זיין באוואוסטזיין, פיליכט, נאָר אין זיין אונטער־באוואוסטזיין, בשום אופן אלס איד ניט צו פאַרשווינדען, אויף צו להכעיס אַלע אונזערע צוררים ניט צו פאַרשווינדען. פאַרשטייט זיך, אָפיציעל האָבען מיר דאָך גמרא־קעפּ און מיר קענען פשט'לען גאַנצע ק"ן טעמים. דאָס איז אָבער מער ניט ווי אָפיציעל, אין געהיימנים פון אונזער געמיט נאָגט אונז דער פאַרלאַנג ניט צו פאַרשווינדען. מיר ווילען שולען, ווייל מיר ווילען אַז אונזערע קינדער זאָלען בלייבען אידען. אַזוי איז דאָס, און אל תגידו בגת."

פר. ליעסין גייט איבער אין זיין באַריכט צו די איינצעלהייטען פון די אויפטואונגען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיסע. ער ציינט אָן אויף פאַרשידענע אויפטואונגען און לייענט פאַרשידענע טאַבעלען. ער ענדיגט זיין באַריכט מיט אַ פּערזענליכער באַמערקונג:

„רעדענדיג וועגען די שולען און דעם „פאָרווערטס", וויל איך דערביי צוריקוואַרפען אַן אַטאַקע, וואָס איז געגען מיר געמאַכט געוואָרען. די ציימונג, וועלכע קלייבט פּענים פון אידישע אַרבעטער דערפאַר, ווייל זי איז כלומר'שט אַ ריינע ציימונג, ווייל די ריינקייט פון דער פּרעסע איז איר אידעאַל — אָט די ציימונג איז באַגאַנגען אַ שאַרלאַטאַנסטוואָ! פאָריגען זומער האָב איך זיך אָנגענומען אויפצושרייבען אַן אַרטיקעל, אַן ענטפער דעם „פאָרווערטס" וועגען די אידישע שולען. בין איך גלייך נאָך דעם קראַנק געוואָרען, און בין אָפּערירט געוואָרען, געלעגען נאָך דעם אַ גאַנצען חודש קראַנק און איך האָב דעם אַרטיקעל ניט געקענט שרייבען. דערווייל האָבען די אַטאַקעס אין „פאָרווערטס" אויפגעהערט, און עס איז שוין ניט געווען וועגען וואָס צו שרייבען. נו, איז אַרויסגעקומען די „פרייהייט" און האָט געזוכט צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז איך האָב ניט געשריבען דעם אַרטיקעל, ווייל איך האָב מורא געהאַט פאַר'ן „פאָרווערטס". זי האָט אַזוי געשריבען וועגען מיר אויך ביי אַן אַנדער געלעגענהייט, וועגען דער לאַנג־קאָמיטע, אַז איך קום אין א. ר. נאָר צו טאָן „דזשאַבס" פאַר'ן „פאָרווערטס"; זי האָט געשריבען וועגען מיר אַזוי ווי איך וואָלט געווען עפּעס אַ מין וואָרד־פּאָליטישען. און די פירער פון דער „פרייהייט", די געוועזענע לאַקייען פון קאַהאַנען, ווייסען דאָך גאַנץ גוט די לאַגע אין „פאָרווערטס"; זיי ווייסען דאָך גאַנץ גוט, אַז דאָס איז אַ מיאוס'ער ליגען. ווען אימיצער קומט אויס אין מיינע אויגען כשר, וועל איך אים כשר'ן, ווען — פסול, וועל איך אים פסל'ענען, און ניט וועל איך מורא האָבען פאַר'ן „פאָרווערטס" און ניט וועל איך אפילו מורא האָבען, טאָמער וועט מען זאָגען, אַז איך האָב מורא פאַר'ן „פאָרווערטס". עס איז אינטערעסאַנט, אַז גענאָסע ביילין האָט גלייך אין אַ בריף אין דער „פרייהייט" דערקלערט, פאַרוואָס איך האָב מיין ענטפער צום „פאָרווערטס" ניט געשריבען. נון, האָבען זיי אַ לאַנגע צייט ביילינס בריף ניט געוואָלט דרוקען, און ווען ער האָט זיי געסטראַשעט, אַז ער וועט דעם בריף דרוקען אַנדערשוואו, האָבען זיי דעם בריף איבערגעדרוקט; זיי האָבען אָבער דאָרט דעם גאַנצען ענין, וואו עס ווערט זיך וועגען מיר, אויסגעמעקט. גענאָסע ביילין האָט דאָס מיר נעכטען אַליין דערציילט. שאַרלאַטאַנעס! און זיי רעדען נאָך וועגען דער ריינקייט פון דער פּרעסע."

עס ווערט פאָרגעשטעלט פר. י. ב. ביילין, דער דירעקטאָר פון דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט.

פר. ביילין הייבט אָן זיין באַריכט מיט דער באַמערקונג, אַז אין באַריכט אין „פרייהייט" איז פאָרגעקומען אַ געוויסע מיספאַרשטענדניס.

„גענ. ליעסין האָט מיר וואַרשיינליך ניט פאַרשטאַנען. איך האָב ניט געזאָגט, אַז מ'האָט זיין נאָמען אויסגעמעקט אין דער „פרייהייט". די „פרייהייט" איז דער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, צו וועלכען איך האָב פולען צוטרויען און אין וועלכער איך בין אַ מיטגליד. איך האָב געזאָגט, אַז אין מיין בריף צו דער „פרייהייט" איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אַ היבשער שטיק, אין וועלכער עס איז דערקלערט געוואָרען דער אינצידענט וועגען דעם אַרטיקעל, וואָס גענ. ליעסין האָט געדאַרפט שרייבען.

ווען איך האָב היינט געזען גענ. אַלגינען און אים געפרעגט די אורזאַך, האָט ער דערקלערט, אַז דאָס איז וואַרשיינליך דערפאַר, וואָס די בריוולאַך זיינען געווען צו לאַנג און האָבען זיך ניט געקענט אויסשטעלען אויף דעמזעלבען עמוד. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז דאָס איז ניט געמיינט געוואָרען צו פאַרמיידען, אַז מ'זאָל ניט דערמאָנען גענ. ליעסינס נאָמען, ווייל די „פרייהייט" האַלט זיך ניט ביי אַזאַ פּאָליסי. אויב מ'וועט פאַרלאַנגען, וועט ער הייסען איבערדרוקען נאָך אַמאָל דעם גאַנצען בריף."

האָט זיך דער בריף ניט געקענט אויסשטעלען, האָט מען גראָד וועגען מיר אויסגעמעקט. שאַרלאַטאַנסטוואָ? חס וחלילה! — האָט גענאָסע ליעסין אויסגערופען מיט געלעכטער.

וועגען די שולען אין אַלגעמיין, באַמערקט פר. ביילין, אַז נאָך זיין מיינונג איז ניט גענוג, אַז דער לערער זאָל זיין נאַציאָנאַל געשטימט — ער מוז אויך זיין אַ גוטער סאָציאַליסט, וועלכער זאָל אין די יונגע קינדער איינפלאַנצען ליבע צו דעם קלאַס פון זיינע עלטערן. מיר האָבען נאָך ווייניג לערער, וועלכע זאָלען שטיין אויף דער הויכקייט פון זייער פּראָפעסיע. אָבער וואו א. ר. שולען זיינען, דאָרטען ווערט דער קולטורעלער צושטאַנד פון די עלטערן אויך דערהויבען. די א. ר. שולען זיינען געוואָרען אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין לעבען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. זיי זיינען געוואָרען אַ טייל פון דעם מעכטיגען אָרגאַניזם פון א. ר.

פר. ביילין שטעלט זיך אָפּ אויף פאַרשידענע טעטיגקייטען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. ער באַריכטעט וועגען די לערער־קורסען, וואָס זיינען ערעפענט געוואָרען אין ניו־יאָרק צו שאַפען נייע לערער פאַר אונזערע שולען.

„דער קליוולאַנדער שול־צוזאַמענפאָר האָט אונז באַאויפטראַגט צו שאַפען אַן אינסטיטוציע, וואו לערער, וואָס זאָלען זיין דורכגעדרונגען מיט'ן סאָציאַליסטישען גייסט, זאָלען דערצויגען ווערען. מיר שטעלען גרויסע פאָדערונגען פאַר אַ לערער אין אַן א. ר. שולע. אויסער זיין אַלגעמיינער קענטעניש, דאַרף ער אויך זיין באַהאַוונט אין אידישע ענינים. די לערער־קורסען, וועלכע זיינען איצט דאָ אין ניו־יאָרק — האָבען זיך גענומען פאַר אָט דער אַרבעט, און מיר האָפען, אַז זיי וועלען אויספילען דעם מאַנגעל אין גוטע לערער, פון וועלכע די א. ר. שולען ליידען.

די אַרבעט אין די לערער־קורסען איז זייער אינטענסיוו. אין אַ משך פון 9 מאָנאַטען דאַרף דער סטודענט דורכגיין אַ ריי לימודים פון אַלגעמיינער אידישער וויסענשאַפט. מיר נעמען אַריין אין די קורסען נאָר מענטשען, אינטעליגענטע, וואָס דאַרפען זיך ביי אונז צופאַרטיגען בלויז אויף דעם געביט פון ערציאונג. ליידער דענקען אַ סך, אַז די ידיעות פון אַן א. ר. לערער דאַרפען זיין זייער קליין און עס קומען פאַר קאָמישע אינצידענטען. איין אַפּליקענט האָט אויף דער פראַגע, ווער עס זיינען געווען די אידישע פילאָזאָפען פון 13־טען יאָרהונדערט, געענטפערט: סאָקראַטעס, שפינאָזאַ און דער רמב"ם. נאַטירליך, אַזעלכע קאַנדידאַטען ווערען ביי אונז ניט אויפגענומען. מיר דאַרפען אַלגעמיינע בילדונג, און די פאָדערונגען זיינען גאַנץ שטרענג."

פר. ביילין באַריכטעט אויך וועגען דער נאַציאָנאַלער שול־קאָמיסיע, וואָס באַשטייט פון די פאָלגענדע פריינד: נ. פיינערמאַן, יעקב לעווין, דראַגונסקי, מ. איוועגסקי, ז. שערעשעפסקי און ק. מרמר.

„די אַרבעט פון דער שול־קאָמיסיע איז וויכטיג דערמיט, וואָס די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבען אַן אויפזיכט איבער די שולען און העלפען מיט ראַט און טאַט די אַנטוויקלונג פון אונזערע שולען. זיי נעמען אַפילו ניט באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט און טוען זייער אַרבעט געוויסענהאַפט."

פר. ביילין באַריכטעט אויך וועגען „קינדערלאַנד": ער גייט אַרויס אונטער דער רעדאַקציע פון דראַגונסקי, ביילין און לעווין. ער באַמערקט, אַז אַ דאַנק דעם, וואָס דער זשורנאַל „קינדערלאַנד" ווערט פאַנאַנדערגעשיקט צו די בראַנטשעס, האָט דאָס „קינדערלאַנד" אַ גאַנץ באַדייטענדע צירקולאַציע. בראַנטשעס זיינען זייער צופרידען מיט דעם צוגעשיקטען „קינדערלאַנד" און נאָר איינצעלנע בראַנטשעס שיקען דאָס „קינדערלאַנד" צוריק.

פר. ביילין באַריכטעט אויך פון דער שול־וואָך, וואָס זיי האָבען דורכגעפירט, און פון דעם צירקולאַר צו אַלע א. ר. שולען, אויפפאָדערנדיג, אַז זיי זאָלען זיך ניט מישען אין פּאָליטישע פראַגען. ער גייט דאַן איבער צום „פריינד":

„דער „פריינד" איז היינטיגען יאָר אַרויס אין 9 נומערען צוליב מאַנגעל אין געלט. די עקספּעדיציע אין „פריינד" איז פיל פאַרגרעסערט געוואָרען. מיר האָבען געהאַט פיל צרות מיט דעם פּאָסט־אָפּיס, אָבער אַ דאַנק די אַראַנזשמענטס, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען מיט אַ מיטגליד פון א. ר., זיינען איצטער אַלע צרות אָפּגעשאַפט געוואָרען און די עקספּעדיציע איז אין אַ צופרידענשטעלענדער לאַגע."

פר. ביילין רעדט אויך וועגען דער פארלאג־טעטיגקייט, און באמערקט, אז די ביכער זיינען רעזולטאטען פון די פריערדיגע קאמיטעס פון 1916 און 1917, פאר וועלכע ער קען ניט זיין פאראנטוואָרטליך.

פר. ביילין ענדיגט זיין רעפּארט מיט דער באמערקונג, אז דער עדיוקיישאָנאל דעפּארטמענט האָט דערפילט זיין מיסיע, לויט די מיטלען, וועלכע ער האָט געהאט, אויף א צופרידעשטע־לענדען אופן, און דריקט אויס די האָפענונג, אז דער דעפארט־מענט וועט ווערען איינער פון די וויכטיגסטע אין א. ר.

עס ווערט פאָרגענומען דער רעפּאָרט פון דער עלעקשאָן קאָמיטע, וועלכע האָט געדארפט דורכקוקען די באלאָטס, וועגען דער צאָל אָפּגעגעבענע שטימען פאר דער נאציאָנאלער עקזע־קוטיוו קאָמיטע.

פר. נעכאמקין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באריכטעט דאָס פאָלגענדע:

אין אָפיס זיינען אריינגעקומען 215 באלאָטס און דער רעזולטאט פון דער אָפּשטימונג איז פאָלגענדער:

### אָרגאניזאציאָנס קאָמיטע

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ל. דינערשטיין | ברענטש | 99 | 4094 | שטימען |
| ב. וואולף | ״ | 11 | 3613 | ״ |
| י. וויינבערג | ״ | 2 | 3382 | ״ |
| י. ראָבערטס | ״ | 291 | 3157 | ״ |
| ב. לעוויטאן | ״ | 96 | 2890 | ״ |
| דזש. קלופּט | ״ | 150 | 1415 | ״ |
| דזש. מילער | ״ | 268 | 637 | ״ |
| מ. שיינבערג | ״ | 8 | 601 | ״ |
| טש. סאקארינסקי | ״ | 20 | 592 | ״ |
| ס. מילער | ״ | 83 | 380 | ״ |

### סאניטאריום קאָמיטע

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ר. גוסקין | ברענטש | 206 | 4052 | שטימען |
| ל. ראָטהמאַן | ״ | 195 | 3754 | ״ |
| מ. י. אַשפּיז | ״ | 410 | 3335 | ״ |
| דזש. פאַדניק | ״ | 140 | 2487 | ״ |
| א. זעלדין | ״ | 11 | 2148 | ״ |
| ס. סילווערבערג | ״ | 78 | 1736 | ״ |
| ב. ליליענבלום | ״ | 2 | 1532 | ״ |
| ס. דזשאנסאָן | ״ | 6 | 721 | ״ |
| א. מעהלמאָן | ״ | 20 | 687 | ״ |
| ד. פערלבערג | ״ | 172 | 492 | ״ |

### גריוועגס קאָמיטע

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ו. בלאק | ברענטש | 99 | 3401 | שטימען |
| ב. גילמאָן | ״ | 23 | 2906 | ״ |
| מ. וויוך | ״ | 610 | 2474 | ״ |
| ל. זינדערמאָן | ״ | 215 | 2394 | ״ |
| י. דאראשקין | ״ | 352 | 1880 | ״ |
| א. בריק | ״ | 288 | 1179 | ״ |
| מ. יאדלאווקין | ״ | 1 | 929 | ״ |
| מ. וויינבערג | ״ | 185 | 893 | ״ |
| מ. גאפּט | ״ | 352 | 679 | ״ |
| ד. ווײדבערג | ״ | 39 | 488 | ״ |

### אָפיס קאָמיטע

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| דזש. ראָטמאָן | ברענטש | 49 | 3055 | שטימען |
| נ. גאָלדשטיין | ״ | 280 | 2911 | ״ |
| מ. דאווידאָף | ״ | 2 | 2726 | ״ |
| נ. פריימאָן | ״ | 39 | 2712 | ״ |
| י. סקלאַר | ״ | 231 | 1987 | ״ |
| י. פאַרבער | ״ | 43 | 1278 | ״ |
| ב. גאָלוב | ״ | 99 | 1256 | ״ |
| מ. עהרליך | ״ | 42 | 1118 | ״ |
| ס. ראשקין | ״ | 88 | 933 | ״ |
| ס. ספּרונג | ״ | 148 | 577 | ״ |

### עדיוקיישאָנאל קאָמיטע

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א. ליעסין | ברענטש | 75 | 4638 | שטימען |
| נ. כאנין | ״ | 133 | 3785 | ״ |
| ה. בורגין | ״ | 49 | 3100 | ״ |
| ב. באָטווינִיק | ״ | 428 | 3077 | ״ |
| מ. פיין | ״ | 201 | 2896 | ״ |
| י. פישמאָן | ״ | 555 | 2232 | ״ |
| א. הערשקאָוויץ | ״ | 38 | 1664 | ״ |
| ש. בולגאַטש | ״ | 1 | 2218 | ״ |
| ל. גאָלינסקי | ״ | 146 | 1055 | ״ |
| וו. ראָבקין | ״ | 206 | 722 | ״ |

### בענעפיט קאָמיטע

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א. לאנגער | ברענטש | 42 | 3749 | שטימען |
| ל. בערמאַן | ״ | 560 | 2705 | ״ |
| א. קאָהן | ״ | 500 | 2420 | ״ |
| מ. ס. מאָלאָט | ״ | 183 | 2367 | ״ |
| מ. וואָלפערט | ״ | 96 | 2126 | ״ |
| מ. פרידמאַן | ״ | 28 | 1741 | ״ |
| ס. ראָזענטאַל | ״ | 548 | 893 | ״ |
| ד. האנפּט | ״ | 93 | 663 | ״ |
| מ. יארכא | ״ | 280 | 593 | ״ |
| מ. פילטינגאָף | ״ | 351 | 564 | ״ |

די עלעקשאָן קאָמיטע רעקאָמענדירט, אז די קאָנווענשאָן זאָל דערקלערען די ערשטע 5 פון יעדער קאָמיטע, וועלכע האָבען געקראָגען די גרעסטע צאָל שטימען אלס די ערוויילטע נאציאָ־נאלע קאָמיטע פאר דעם יאָר 1922־1923.

די רעקאָמענדאציע ווערט איינשטימיג אָנגענומען.

עס ווערען דאן פאָרגענומען וואלען פאר דער נעקסטער זיצונג. פר. פיינערמאַן, ניו־יאָרק, ווערט ערוויילט אלס טשער־מאַן, און מעלצער, מאָנטרעאל, אלס וויים־טשערמאַן.

דער מיט ווערט די ניינטע זיצונג געשלאָסען.

---

## צענטע זיצונג

די צענטע זיצונג ווערט ערעפענט שבת, 10 א זייגער פרי, דעם 5־טען מאי, מיט פר. פיינערמאַן אלס טשערמאַן, און מעל־צער, מאָנטרעאל, אלס וויים־טשערמאַן.

דער טשערמאַן נעמט פאר נאָמינייישאָנס פאר נאציאָנאלע באאמטע און פאָלגענדע ווערען נאָמינירט:

פאר טשערמאַן פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיוו קאָמיטע — ר. גוסקין; וויים־טשערמאַן — י. ראָבערטס; טרעזשורער — ראָטהמאַן, און סעקרעטאר — ב. לעוויטאַן.

עס ווערט באשלאָסען, אז די וואלען זאָלען שטאטפינדען אזוי שנעל ווי די באלאָטס וועלען זיין פארטיג.

פר. וואָלאָס, פון דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, לעזט פאָר פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

### רעזאָלוציע וועגען טאם מוני און בילינגס

אין אנבאַטראַכט, אַז טאם מוני און בילינגס זיצען אין סטייט פּריזאָן אין קאַליפאָרניע, וואו זיי זיינען געפונען געוואָרען שולדיג ביי אַ טריִעל, וועלכער איז שוין אַלעמען באַוואוסט, אַז ער איז ניט געווען קיין אומפּארטייאישער, און אין אנבאַטראַכט, אַז דיסטריקט אַטוירני ברייִדי פון קאַליפאָרניע האָט זיך געווענדט צום גאָווערנאָר פון סטייט, ער זאָל זיי ביידע באַפרייען, און ער איז זיכער אין אַ לאַגע צו ווייסען, אַז זיי זיינען אומשולדיג, באַשליסט די 22־טע יער־ליכע קאָנווענשאָן פון אַ. ר., צו פאָדערען די באַלדיגע באַפרייאונג פון מוני און בילינגס. מיר באַשליסען אויך, אַ קאָפּיע פון אָט דער רע־זאָלוציע זאָל געשיקט ווערען צו גאָווערנאָר סטיווענס פון קאַליפאָרניע. — איינשטימיג אָנגענומען.

### רעזאָלוציע וועגען אידישע ביכער פאר סאָוויעט־רוסלאנד

אין אנבאַטראַכט, אַז עס האָט זיך אין אַמעריקע געגרינדעט אַ קאָמיטע אַזעלכע ביכער צו שאַפען, באַשליסט די קאָנווענשאָן האַרציג צו אינדאָרסירען אָט די אַרבעט און אינסטרואירט די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זיך צו שטעלען מיט דער דאָזיגער קאָמיטע אין פאַרבינדונגען און זיי ארוסהעלפען מיט ביכער און פליִיטס, וועלכע געפינען זיך איצט אין אָפיס און אין אַלגעמיין צו טאָן אַלעס מעגליכעס ווי אַזוי צו העלפען אין דער אַרבעט.

### רעזאָלוציע וועגען סאָוויעט־רוסלאנד

די 22־טע קאָנווענשאָן פון אַ. ר. שליסט זיך צו אָן דער פאָדערונג פון דעם אַלוועלטליכען אַרבעטער־קלאַס, אַז די רוסישע סאָוויעט־רע־גירונג זאָל אנערקענט ווערען פון די מלוכות, וואָס האָבען זיך פאַר־זאַמעלט אין גענוא און אויך פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וואָס זיינען דאָרט ניט פאַרטראָטען.

גלייכצייטיג שליסט זיך די קאָנווענשאָן אָן אין דעם פאַרלאַנג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון דער וועלט, אַז די סאָוויעט־רע־גירונג זאָל געבען פולע פרייהייט צו אַלע סאָציאַליסטישע פאָליטישע אַרעסטירטע, וועלכע זיינען אין דער גאַנצער צייט פון זייער פּרינצי־פּיעלער געגנערשאַפט געבליבען טריי דעם אַרבעטער־קלאַס און ניט צוגעשטאַנען צו דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען עלעמענט געגען דער סאָוויעט־רעגירונג.

די דאָזיגע רעזאָלוציע רופט ארויס אַן אומצופרידענהייט פון אַ גרויסער צאָל דעלעגאַטען, און עס ווערט באַשלאָסען, אַז

די רעזאָלוציע זאָל צעטיילט ווערען אין צוויי טיילען. די ערשטע העלפט, וועלכע האנדעלט וועגען דער אנערקענונג פון רוסלאנד, ווערט איינשטימיג אָנגענומען; די צווייטע העלפט רופט ארויס א דיסקוסיע. פר. ביילין רעדט געגען דער רעזאָלוציע.

פר. ביילין זאָגט צווישען אנדערעם: „די דאָזיגע רעזאָלוציע, אויב אָנגענומען ביי אָט דער קאָנווענשאָן, וועט אָפּשוואכען און אָפּטויטען דעם גייסט פון דער גאָר־וואָס אָנגענומענער רעזאָלוציע. ווען די וועלף פון וועלט ווילען צערייסען רוסלאנד, מוזען מיר זיין זייער פאָרזיכטיג אין אָננעמען רעזאָלוציעס. ווען מיר אנערקענען רוסלאנד, טאָרען מיר ניט מיט דער צווייטער האנט געבען דעם שונא א וואפען אין דער האנט.“ ער אפּעלירט צו די דעלעגאטען נידערצושטימען אָט די רעזאָלוציע.

מאקס פיין רעדט פאר דער רעזאָלוציע. ער זאָגט: „זייענדיג פאר סאָוויעט־רוסלאנד הייסט נאָך ניט, אז מיר זיינען פאר אלע שרעקליכע ערשיינונגען, וועלכע די צעטרייסלונג פון רוסישען לעבען האָט ארויסגערופען. מיר זיינען ניט פאר דער „טשערעזוויטשאיקא“, מיר זיינען אויך ניט פאר דער אונטערדריקונג פון דער פרעסע און פון פארזאמלונגען, וועלכע די הערשענדע פארטיי ווענדט אָן געגען אנדערע פארטייען. אמת, די פירער פון די סאָוויעטען זאָגען, אז אָט די אלע ערשיינונגען זיינען צייטווייליג. מיר גלויבען זיי אין דעם און מיר דענקען, אז עס איז שוין איצט געקומען די צייט, ווען אלטע קריוודעס זאָלען פארגעסען ווערען. די סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען און די מענשעוויקעס האָבען איצט אוועקגעלייגט זייערע וואפען און דעריבער דארפען זיי איצט באפרייט ווערען, ווי עס זיינען באפרייט געוואָרען די אלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען זיך באטייליגט אין די אויפשטאנדען פון דעניקינען און קאָלטשאקען.

די רעזאָלוציע ווערט גענומען צו א ראָל־קאָל און מיט 100 שטימען געגען 49 ווערט זי אָנגענומען.

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט אויך צו שטיצען די פּערער סקול מיט 50 דאָלער, שיקאגאָר סיגאר מאכער סטרייקער מיט 100 דאָלאר. איינשטימיג אָנגענומען.

רעפּאָרט פון אָלד איידזש האָום, איבערגעגעבען פון פר. וויינבלאט אלס טשערמאַן און ש. גינזבערג, סעקרעטאר.

זיי רעקאָמענדירען:

1) אז די א. ר. אָלד איידזש האָום זאָל עטאבלירט ווערען.

2) א טעקס פון 5 סענט פער קווארטאל זאָל געשאפען ווערען פאר דעם דאָזיגען צוועק.

3) די צאָלונגען זאָלען זיין בינדענד פאר אלע קלאסען מיטגלידער.

4) די דאָזיגע צאָלונגען זאָלען זיך אָנפאנגען גלייך ווי עס וועט דורכגיין דער רעפערענדום.

5) רולס און רעגולײשאָנס וועגען אלע טעכנישע פונקטען, די באשטימונג פון איינצעלהייטען און פּלאַץ וואו צו בויען א הויז זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער נעקסטער עקזעקוטיווע, וועלכע זאָל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט עקספּערטען און רעפּאָרטען די איינצעלהייטען צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן.

מיט 90 שטימען געגען 27 ווערט דער גאנצער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע גוטגעהייסען.

פר. זאַץ רעפּאָרטעט פאר דער אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע. זיי האָבען זיך קאָנסטיטואירט מיט פר. זאַץ אלס טשערמאַן און עלשטיין אלס סעקרעטאר.

זיי רעקאָמענדירען, אז:

1) יעדער ברענטש פון א. ר. מוז באלאנגען צו דער דיסטריקט קאָמיטע פון זיין געגענט.

2) קריוודעס געגען סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס מוזען געשיקט ווערען צום גענעראַל־אָפיס.

3) אלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, זייענדיג אונטער דער יוריסדיקציע פון דער גענעראַל־עקזעקוטיוו, מוזען זיך אונטערוואַרפען אונטער אלע באשלוסען פון דער עקזעקוטיוו און מוזען זיך פירען אין איינקלאנג מיט די אינסטרוקציעס פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע.

4) די נאציאָנאלע אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע מוז שטיין אין ענגע פארבינדונגען מיט די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פון זייער געגענט.

6) די נאציאָנאלע אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע מוז אויסארבעטען א קלאָרען פּראָגראַם פון דער ארבעט, וועלכע עס דאַרף געטאָן ווערען אין די פארשידענע געגענטען, און צושיקען דאָס צו די רעספּעקטיווע דיסטריקטען און סיטי קאָמיטעס פון דער באטרעפענדער געגענט.

7) דער נאציאָנאלער אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע ווערט געגעבען דאָס רעכט, אז מיטגלידער, וועלכע גייען אריין אין א. ר. צוזאמען מיט זייערע סאָסייעטיס, וועמעס צאָל איז 400 אין גרעסערע שטעט, אָדער 300 אין קלענערע שטעט, זאָלען צאָלען זייער אסעסמענט צו דעם מאָרטשוערי פאָנד לויט די יאָרען, אין וועלכע זיי זיינען אריין אלס מיטגלידער פון זייערע סאָסייעטיס. דער אונטערשייד פון די צאָלונגען זאָל געדעקט ווערען פון די פאָנדס פון דער סאָסייעטי.

8) אין שטעט, אָדער דיסטריקטען, וועלכע האָבען מער ווי צען ברענטשעס, מוזען די דיסטריקט קאָמיטעס ערוויילט ווערען ניט דירעקט פון די ברענטשעס, נאָר דורך א קאָנפערענץ, ביי וועלכער עס זיינען פארטראָטען די ברענטשעס נאָך דער פּראָפּאָרציע פון זייער מיטגלידערשאפט.

9) נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אין פיל שטעט ווערען די עדיוקיישאָנאל און אָרגאַניזאציאָנס ארבעט פארנאכלעסיגט צוליב דעם, ווייל באזונדערע קאָמיטעס פירען אָן די ארבעט און די קרעפטען ווערען צעטיילט, רעקאָמענדירען מיר, אז אין אלע שטעט זאָל די אָרגאַניזאציאָנס און עדיוקיישאָנאל ארבעט אָנגעפירט ווערען געמיינשאפטליך דורך איין קאָמיטע, וועלכע זאָל שטיין אונטער דער אויפזיכט פון דער נאציאָנאלער אָרגאַניזאציאָנס און נאציאָנאלער עדיוקיישאָנאל קאָמיטעס.

די דאָזיגע אלע רעקאָמענדאציעס ווערען אָנגענומען

## באריכט פון דער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע

די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, דורך איר טשערמאַן פר. צוקער, און סעקרעטאר פר. שאפּירא, רעקאָמענדירען פאָלגענדעס:

1) די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע זאָל ווי פריער פאָרזעצען איר ארבעט אלס זעלבסטשטענדיגע קאָמיטע. וואָס אנבאלאנגט פראגען, וואָס האָבען אויך א שייכות צו דער אָרגאַניזאציאָנס־טעטיגקייט, זאָל די עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון צייט צו צייט האָבען געמיינשאפטליכע מיטינגען מיט דער נאציאָנאלער אָרגאַניזאציאָנס קאָמיטע.

2) כדי אָרגאַניש צו פארבינדען דעם שול־צוזאמענפאָר פון א. ר. מיט דער נאציאָנאלער קאָנווענשאָן און כדי די באשלוסען פון די א. ר. שול־צוזאמענפאָרען זאָלען זיין אויסשליסליך אין דעם גייסט פון דער א. ר. קאָנווענשאָן, וועלכע איז די העכסטע אינסטאנץ פון אונזער אָרגאַניזאציע און וועלכע דאַרף אורטיילען איבער פראגען, אין וועלכע עס איז פאראינטערעסירט די ברייטע מיטגלידערשאפט פון דעם גאנצען אָרדען, רעקאָמענדירען מיר איינצושטעלען א נעגעזייטיגע דעלעגאציע, וואָס זאָל באשטיין פון איין פראטווירנאל דעלעגאט פון דער א. ר. קאָנווענשאָן צו דעם שול־צוזאמענפאָר.

3) אין אנבאטראכט, אז די א. ר. שול־באוועגונג געפינט זיך נאָך אין דעם פּראָצעס פון וואקסען און פארשפּרייטען און פאָדערונגען פאר נייע שולען זיינען גרויס, און נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז דער עקזיסטירענדער שול־פאָנד קלעקט קוים צו שטיצען די שוין עקזיסטירענדע שולען, רעקאָמענדירען מיר צו העכערען דעם טעקס אויף 2 סענט א קווארטאל. א מינאָריטעט פון דער קאָמיטע רעקאָמענדירט צו העכערען דעם שול־טעקס אויף 1 סענט פער קווארטאל.

4) די 22־טע קאָנווענשאָן פון א. ר. דריקט אויס איר דאנק צו די לערער פון די א. ר. שולען, וואָס האָבען געענטפערט אויף דעם רוף פון דער נאציאָנאלער עדיוקיישאָנאל קאָמיטע, צו באטייליגען זיך אין דער קולטורעלער ארבעט פון א. ר. אויף די ערטער, וואו זיי געפינען זיך. זיי האָבען אומענטגעלטליך אָפּגעגעבען זייער צייט און ענערגיע אויף פארשפּרייטען בילדונג אין די פארוואָרפענסטע ווינקעלאך פון לאנד.

5) נעמענדיג אין אנבאטראכט די קולטורעלע ווערט פון די א. ר. ליטעראריש־דראמאטישע פאראיינען, כאָרען און אָרקעסטערס און די נוצען, וואָס זיי ברענגען פאר אונזערע ברענטשעס איבער'ן לאנד, אינדאָרסירט די 22־טע יערליכע קאָנווענשאָן די

איבענדערמאַנטע אינסטיטוציעס און רעקאָמענדירט צו געבען זיי אין דער צוקונפט מאָראַלישע און פינאַנציעלע שטיצע.

6) מיר רעקאָמענדירען, אַז אַלע אונזערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס צו קאָאָרדינירען די טעטיגקייטען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס און עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס, אַז די קונסט־אינסטיטוציעס פון אַ. ר. זאָלען זיך באַטייליגען אויך אין דער דורכפירונג פון לעקציעס און באַדייטענדע אָרגאַניזאַציאָנס מיטינגען, כדי מערער צו פאַראינטערעסירען די מיטגלידערשאַפט פון אַ. ר. אין אַזעלכע מיטינגען.

7) מיר רעקאָמענדירען צו אַלע מיטגלידער און בראַנטשעס פון אַ. ר., אַז אין די וואַלען צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל מען זיך רעכענען ניט בלויז מיט דער אינטעליגענץ פון די קאַנדידאַטען, נאָר אויך מיט זייער מעגליכקייט אָפּצוגעבען זייער נויטיגע צייט פאַר דעם עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט.

8) וועגען „פריינד“.

מיר גלויבען, אַז דער „פריינד“ דאַרף זיין פריער פון אַלץ די אינסטיטוציע, וועלכע זאָל אָפּשפּיגלען דעם לעבען פון דער אָרגאַניזאַציע. אויס דעם גרונד רעקאָמענדירען מיר, אַז מער אויפמערקזאַמקייט זאָל געשענקט ווערען צו זיינע באַריכטען און טעטיגקייט אין דעם לעבען פון דעם אַ. ר. און אַז אַלץ וואָס קומט פאָר אין אַ. ר. זאָל געגעבען ווערען אַ מער חשוב'ערען פּלאַץ, ווי ביז איצט.

9) נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז מיר זיינען אַ געגענזייטיגע הילפס־אָרגאַניזאַציע אין אַלע הינזיכטען, און וויסענדיג אין דער זעלבער צייט, אַז אויסמיידען קראַנקהייטען איז פיל וויכטיגער ווי היילען זיי, און ווען די מיטגלידער פון אַ. ר. זאָלען אויף דעם געביט שענקען זייער אויפמערקזאַמקייט, וואָלט דאָס געווען פון די גרעסטע נוצען פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע, רעקאָמענדירען מיר דעריבער, אַז דער „פריינד“ זאָל ווייטער פאָרזעצען דעם קאַמף געגען פאַרשידענע קראַנקהייטען דורך היגיעניש ארטיקלען און דערמיט ווערען דער וועגווייזער פון איינענער אויפּפּאַסונג.

10) אַזוי ווי דער „פריינד“ איז די לעצטע עטליכע יאָר ניט ערשינען רעגעלמעסיג צוליב פאַרשידענע אורזאַכען, רעקאָמענדירען מיר, אַז דער „פריינד“ זאָל ערשיינען איין מאָל אין דריי מאָנאַטען רעגעלמעסיג. וועגען דעם דאָזיגען פּונקט איז דאָ אַ מינאָריטעט און מאַיאָריטעט רעפּאָרט. די מינאָריטעט גלויבט, אַז דער „פריינד“ זאָל ערשיינען מאָנאַטליך, ווי ביז איצט.

וועגען רעקאָמענדאַציע נומ. 1 ווערט באַשלאָסען אָפּצולייגען ביז דעם באַריכט פון דער פאַרוואַלטונגס קאָמיטע, וועלכע האָט אויך אַ רעקאָמענדאַציע וועגען דעם זעלבען ענין.

רעזאָלוציע נומ. 2 ווערט באַשלאָסען ווי פאָלגט: אַז די קאָנווענשאָן אינסטרואירט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו פון אַ. ר. צו שיקען אַ פּראָטווירנאַל דעלעגאַט צו דעם נעקסטען שול־צוזאַמענפאָר.

רעזאָלוציע נומ. 3, וועגען דער העכערונג פון דעם שול־טעקס, ווערט באַשלאָסען נאָך אַ קורצער דיסקוסיע, אַז פאַר דעם יאָר זאָל געהעכערט ווערען בלויז 1 סענט.

רעזאָלוציעס נומ. 4, 5, 6, 7, 8 און 9 ווערען גוטגעהייסען.

רעזאָלוציע נומ. 10, אין דער פראַגע צי דער „פריינד“ זאָל ערשיינען יעדען מאָנאַט אָדער איין מאָל אין דריי מאָנאַטען, רופט אַרויס אַ וואַרימע דיסקוסיע און עס ווערט באַשלאָסען, אַז די דאָזיגע פראַגע זאָל גיין צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג צו דער ברייטער מיטגלידערשאַפט, צו באַשטימען צי זיי ווילען דעם „פריינד“ איין מאָל אַ מאָנאַט אָדער איין מאָל אין דריי מאָנאַטען.

די רעזאָלוציאָנס קאָמיטע ברענגט דאַן אַריין פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז די קאָנווענשאָן אראַנזשמענטס קאָמיטע פון טאָראָנטאָ, קענעדע האָט דורך גרויס מי און אַרבעט געשאַפען אַלע באַקוועמליכקייטען פאַר דער קאָנווענשאָן און פאַר די דעלעגאַטען, באַשליסט די קאָנווענשאָן אויסצודריקען אַ האַרציגען דאַנק דער גאַנצער קאָמיטע פאַר זייער גוטער און שווערער אַרבעט און אַלס אנערקענונג באַשליסט די קאָנווענשאָן זיי צו באַוויליגען 150 דאָלאַר פאַר אַ באַנקעטעל.

די דאָזיגע רעזאָלוציע ווערט איינשטימיג אָנגענומען.

עס ווערט פאָרגעלעזען פאָלגענדע רעזאָלוציע וועגען דער „פרייהייט און וואָרקערס פּאַרטי:

די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע און אויך קענעדע לעבען איצט דורך אַ שרעקליך עקאָנאָמישען קריזיס. די קאַפּיטאַליסטען, פאַראייניגט אונטער דער לייטונג פון דעם טשעמבער אוו קאָמוירס, פירען אַן אַ קאַמפּיין צו צעברעכען די עקאָנאָמישע פעסטונגען פון אַרבעטער־קלאַס — די יוניאָנס. אין דעם מאָמענט ווען איניגקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז אַזוי נייטיג צו קענען צייגען אַ ווידערשטאַנד דעם אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל, קומען פאָר שפּאַלטונגען אין די רייען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע שוואַכען אָפּ די ווידערשטאַנדס־פעאיגקייטען פון אונזערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס — די יוניאָנס, וואָס זיינען מיט אַזוי פיל מי און אָפּערוויליגקייט אויפגעבויט געוואָרען. דער אַ. ר., וועלכער איז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, און וועלכער האָט אויף פאַרשידענע אופנים געהאָלפען דער באַוועגונג, באַדויערט שטאַרק אָט דעם טרויעריגען צושטאַנד און רופט צו איניגקייט אין די רייען פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג און ספּעציעל אין די יוניאָנס. די וואָרקערס פּאַרטי מיט איר אידישער אָפּטיילונג האָט דורך איר אָפיציעלען אָרגאַן, די „פרייהייט“, זיך גענומען פאַרזייען מיסטרויען און פערזענליכען האַס אין אונזערע אייגענע רייען, — אין דעם אַ. ר. איר אָפיציעלער אָרגאַן האָט זיך ערלויבט צו באַטיטלען די טוער און פירער פון אַ. ר. אַלס סקעבס און פאַרקויפטע נשמות. אָט די אָרגאַניזאַציע האָט זיך ערלויבט אַרויסצוגעבען אַ באַפעל צו זייערע מיטגלידער פאַר דער גרינדונג פון סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פון אַ. ר. פּאַראַלעל צו די אָפיציעלע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, מיט'ן צוועק צו פאַרכאַפּען דעם אַ. ר.

די 22־טע קאָנווענשאָן דערקלערט, אַז דער אַ. ר. איז ניט קיין אָרגאַניזאַציע, וואָס לאָזט זיך פאַרכאַפּען פון דער אָדער יענער פראַקציע. אין דעם אַ. ר. איז דאָ פּלאַץ פאַר אַקטיוויטעט, פאַר אַלע שאַטירונגען און ריכטונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר געמיינשאַפטליכע גוטע אַרבעט פאַר'ן אַ. ר.

די קאָנווענשאָן פּראָטעסטירט שטאַרק געגען די מעטאָדען פון דער אידישער אָפּטיילונג פון דער וואָרקערס פּאַרטי און פאָדערט אויף די מיטגלידער און בראַנטשעס אָפּצוהיטען די גאַנצקייט פון אַ. ר.

די דאָזיגע רעזאָלוציע רופט אַרויס אַ וואַרימע דיסקוסיע און עס ווערט באַשלאָסען, אַז פאַר און געגען דער רעזאָלוציע זאָלען רעדען דריי דעלעגאַטען פון יעדען צד. פאַר דער רעזאָלוציע רעדען: וויינבערג, פיינערמאַן און כאַנין. געגען דער רעזאָלוציע רעדען: קאַנאָוויץ, אשינסקי און גאָלדבערג.

דער ערשטער רעדט קאַנאָוויץ פון באָסטאָן, און צווישען אַנדערעס זאָגט ער פאָלגענדעס:

„עס זיינען לעצטענס פאַרשפּרייט געוואָרען קלאַנגען, אַז מיר זיינען די ברעכער און שטערער פון אַ. ר. — דאָס איז ניט אמת. מיר ווילען נים ברעכען דעם אַ. ר. וואָס מיר ווילען יאָ ברעכען, איז [illegible] אַלטע פאַרשימעלטע טראַדיציעס, און מיר ווילען אַרויסרייסען דעם אַ. ר. פון דעם איינפלוס פון „פאָרווערטס“. וואָס אנבאַלאַנגט די „פרייהייט“, איז דאָס דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, אַז אַ צייטונג זאָל ווערען אויפגעהאַלטען און געשטיצט בלויז פון אַרבעטער. איך וויל באַטראַכטען די מענטשען, וועלכע ווילען הייבען אַ האַנט פאַר אָט דער רעזאָלוציע, אַלס די ברעכער און שטערער פון אַ. ר. דאָס וועט באמת זיין דער ערשטער סיגנאַל פאַר ברעכען דעם אַ. ר.“

כאַנין רעדט פאַר דער רעזאָלוציע:

„עס איז אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז ניט נאָר האָט דער אַ. ר. אַלע מאָל אַריינגענומען אַלע שאַטירונגען און ריכטונגען אין אַ. ר., נאָר אַלעמענס מיינונגען זיינען צו יעדער צייט רעספּעקטירט געוואָרען. פאַרקערט, דער אַ. ר. האָט אַלע מאָל באַגריסט נייע אידעען און נייע וועלט־אנשויאונגען. וואָס אנבאַלאַנגט אָבער די „נייע־וועלט־עמעס“ און די איצטיגע „פרייהייט“, האָבען זיי זיכער מיט זייערע אַגיטאַציעס געגען די פירער פון יוניאָנס און אויך פון אַ. ר. געטאָן מער שאָדען ווי אירגענד וועלכער שונא. אין דעם איצטיגען עקאָנאָמישען קריזיס איז די „פרייהייט אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן ווערט געפירט פון מעסער־העלדען. די קאָנפערענץ צו נאָמינירען די פאַרוואַלטונג פון אַ. ר., וואו עס זיינען געוועזען פאַרטראָטען איבער 400 דעלעגאַטען, ערווײלטע פון בראַנטשעס, האָט זייער אָרגאַן באַצייכענט אַלס סקעבס, פאַרקויפטע נשמות און אויסוואורפען.

ווילט איר, אַז נאָכדעם ווי איר האָט געצייגט אַזעלכע פאַראַכטונג צו יעדען אַקטיווען טוער אין דער באַוועגונג, און נאָכדעם ווי די פירערשאַפט פון דעם אַ. ר. איז אויף אַ מיאוס'ען אופן באַשמוצט און פאַרלוימדעט געוואָרען, זאָל די קאָנווענשאָן אייך אנערקענען און נאָך געבען אייך אַ קניפּ אין בעקעל דערפאַר?“

אשינסקי פון ברוקלין רעדט געגען:

„די ברענטשעס און טעריטאָריעס, וועלכע האָבען אונז ערוויילט אלס דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, האָבען אונז ניט געגעבען קיין אינסטרוקציעס צו משפט'ען פאַרטייען און ריכטונגען און מיר האָבען ניט קיין רעכט איבער דער פראַגע דאָ צו האַנדלען. ביי דער ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן האָט מען אזוי פיל גערעדט וועגען אייניגקייט און שלום, און וואו איז אייער גוטער ווילען פאַר אייניגקייט? ווייזט מיר אָן, וואו האָבען די לינקע צעבראָכען איין לאָקאַל פון א יוניאָן אָדער א ברענטש פון א. ר.? וואָס מיר האָבען יאָ געטאָן, איז פאַראינטערעסירט צו טעטיגקייט מענטשען, וועלכע זיינען אוועקגעשטאַנען פון דער אָרבעט. איך וואָרען אייך, אז די רעזאָלוציע וועט פראָקלאַמירען א ניט־אייניגקייט אין אונזערע רייען.“

פיינערמאַן רעדט פאַר דער רעזאָלוציע:

„די, וועלכע האָבען גערעדט געגען דער רעזאָלוציע, ווילען מאַכען אָן איינדרוק, אז מיר זאָגען אונזער מיינונג וועגען פאַרטייען און ריכטונגען. אנדערע ווילען זאָגאַר מאַכען דעם איינדרוק, אז מיר משפט'ען דאָ די וואָרקערס פאַרטי. דעלעגאַטען, פריינד און פאַרזאַמעלטע! איך וויל, אז אלע זאָלען וויסען, אז די קאָנווענשאָן זאָגט גאָרניט וועגען דער פאַרטיי. מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט געמישט אין פאַרטיי־סכסוכים און מיר טוען דאָס אויך ניט ביי היינטיגער קאָנווענשאָן. מיינונגס־פאַרשידענהייטען זיינען ביי אונז וויל־קומען. נאָך מער, פון דעם ערשטען טייל פון דער רעזאָלוציע קענט איר זען, אז מיר באַדויערן בלויז וואָס עס גייען אָן אזעלכע שאַרפע צוויסטיגקייטען אין אונזער ארבעטער־וועלט און איך גלויב, אז דער א. ר. וועט זיין די אָרגאַניזאַציע, וועלכע וועט צוזאַמענברענגען אלע צדדים אונטער איין פאָן. וואָס מיר דריקען אויס אונזער אומצופרידענהייט און טאַדלען די אָרגאַנען פון דער וואָרקערס פאַרטי, איז בלויז פאַר זייער טאַקטיק, פאַר רופען אונזערע פירער „פאַרקויפטע נשמות“ און אזעלכע שיינע אויסדרוקען. ווען מען רעדט וועגען „פאָרווערטס“, וויל איך דאָ מאַכען קלאָר, אז ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף צווישען יונגע און אלטע אין א. ר., איז דער „פאָרווערטס“ ווייט ניט געווען אין סימפּאַטיע מיט די יונגע. דער „פאָרווערטס“ אָבער אלס א צייטונג האָט זיך דאַן געהאַלטען גאַנץ נייטראַל. מיר וועלען אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס יעדע אָרגאַניזאַציע, וועלכע וועט העלפען בויען די ארבעטער־באַוועגונג בכלל און דעם א. ר. בפרט. ביז איצט איז אָבער דאָס ניט דער פאַל מיט דער אידישער אָפּטיילונג פון דער וואָרקערס פאַרטי.“

גאָלדבערג, פון טשעלסי, רעדט געגען דער רעזאָלוציע:

„איך קומט צו דער דאָזיגער קאָנווענשאָן מיט א רעזאָלוציע איינגעוויקעלט אין דער פאָרם פון אייניגקייט. איך וועל פאַר אייך אויפדעקען דעם אמת, וואָס אָט די רעזאָלוציע באַווייזט. די רעזאָלוציע באַווייזט, אז די פירער פון דעם א. ר. האָבען זיך ניט אויפגעהויבען צו דער שטופע צו זען וואָס עס קומט אויף דער וועלט. זיי זען ניט, אז אָט די פאַרטיי, „וואָרקערס פאַרטי“, איז ארויסגערופען געוואָרען פון דעם לעבען און מוז פאָלגליך בלייבען לעבען. די זעלבע פירער פון דעם א. ר. האָבען אין א צווייטען אָפּיס באַשלאָסען ארויסצוואַרפען 5 שרייבער, ווייל זיי האָבען געוואָגט גיין מיט דער צייט. און איר זייט מיט יאָרען ריקשטייענד. איך אַטאַקיר די רעזאָלוציע, וועלכע נעמט ארייַן קלייניגקייטען און צילט צו אונטערדריקען די פאַרטיי, וועלכע פאַרטרעט דעם ארבעטער־קלאַס.“

וויינבערג, פון ניו־יאָרק, רעדט פאַר דער רעזאָלוציע:

„שוין אַן ערך פון 4 מאָנאַטען ווי אָט די גרופּע „לינקע“ וואַרפען פשוט א פחד אויף יעדען אקטיווען מיטגליד, סיי אין א. ר. און סיי אין די יוניאָנס, רעדענדיג אין דעם נאָמען פון דער גרויסער ארבעטערשאַפט. איך וויל פרעגען: פאַרטרעטען מיר דען ניט די אידישע גרויסע מאַסען? דער פאַקט אליין, אז די גרעסטע צענטרען פון אידישע ארבעטער האָבען געשיקט צו דער קאָנווענשאָן אלס דעלעגאַטען דוקא רעכטע, דאָס אליין איז דאָך א באַווייז, אז מיר קענען רעדען אין נאָמען פון די אידישע מאַסען. מיר האָבען שוין געהאַט פאַרשידענע מחלוקות אין א. ר. עס איז געווען א ביטערער קאַמף צווישען יונגע און אלטע אין א. ר. עס איז אָבער קיינמאָל ניט אָנגעווענדט געוואָרען די מעטאָדען, וועלכע ווערען איצט געברויכט. יעדער איינער דעלעגאַט וויניגסטענס פון זיין טעריטאָריע איז ערוויילט געוואָרען אויף א קלאָרער פּלאַטפאָרם צו היטען די אייניגקייט און גאַנצקייט פון דער ארבעטער־באַוועגונג בכלל און פון א. ר. בפרט. איך האָב ביי דער ערעפענונג פון קאָנווענשאָן גערעדט וועגען אייניגקייט און טאָלעראַנץ, איך האָב אָבער אויך געזאָגט, אז די דאָזיגע קאָנווענשאָן וועט דאַרפען זאָגען איר וואָרט, און איך האָף, אז מיט אָט דער רעזאָלוציע וועט דאָס וואָרט געזאָגט ווערען.“

אויף א פאַרלאַנג פון פר. קאַנאָוויץ ווערט די רעזאָלוציע צעטיילט אין צוויי טיילען. דער ערשטער טייל ווערט איינשטימיג אָנגענומען. דער צווייטער טייל פון דער רעזאָלוציע ווערט געשטימט ביי א ראָל־קאָל און פאָלגענדע שטימען דערפאַר:

ל. ראָטהמאַן, נ. פיינערמאַן, ל. בעצאַלעלער, י. עבעריל, א. דינערשטיין, י. פינקעלשטיין, י. פישמאַן, ד. אלפערן, א. וואָליצקי, א. הערשקאָוויץ, ב. וואלאָוויטץ, ר. בלאָק, י. ראָבערטס, פ. באַקסער, י. וויינבערג, ס. וואָלאָס, ל. זינדערמאַן, פ. ווינער, נ. קאַנין, א. לעף, מ. גאָלדינג, ר. נעכאַמקין, י. פאַדניק, מ. העסקעל, ל. גינזבערג, מ. פיין, פ. פרידבערג, וו. בערקאָוויטש, ב. לעוויטאַן, ס. פאַרלעגער, ה. גאָלדין, ל. בערמאַן, ז. שפּייער, ר. פלאַקס, ב. בעקער, י. ראַטנער, א. הענקין, ס. הייפּערלינג, ס. ריפקין, מ. וואָלפערט, ל. זאַץ, א. קאַצענצערג, ס. נודעלמאַן, א. לאַנגער, י. פרינץ, ב. קרינסקי, י. קופערמאַן, מ. שפּינראַד, מ. יאַרכאַ, וו. הערמאַן, מ. מאָלאָט, ס. מאַטלין, מ. וויינבלאַט, ס. מילער, י. מילער, פ. רייזין, א. סאָלאָוויאָוו, ה. קליימאַן, א. זינגער, א. חאַיט, ב. דזשייקאָבס, ס. דזשאַנסאָן, דזש. פעלדמאַן, ד. פערעלבערג, מ. לייבאָוויטש, ר. בראָדי, פ. שטיין, א. ענגעל, מ. באַסקין, מ. לעווין, מ. ארקין, ה. קולקין, מ. קעסעל, דזש. גערסיקאָף, דזש. ראָטענבערג, מ. ראַבינאָוויטש, ה. טאַרלאָוו, ב. ביכאָווסקי, ס. עטינגער, ס. בראָידערמאַן, דזש. מאַנטראָז, ה. טייטעלמאַן, ד. בראַגינסקי, ל. סווערדלאָוו, דזש. בעקער, ע. טאָמער, מ. סניידער, טש. בורטשוק, ח. לאַפּינסקי, מ. לאַמבערט, מ. לעווין, ס. פינקעלשטיין, י. וו. גאָלדין, ב. אקסעלראַד, דזש. מאַרקוס, ד. סילווערשטיין, מ. גיטליץ, ה. אורבאַך, מ. פאָלאַק, מ. בענדזשאַמין, מ. גודמאַן, מ. רייס, נ. גורעס, ל. גאָלדבערג, ב מאַרקוס, אב. בייער, מ. ליבערמאַן, ל. מעלצער, ש. עלשטיין.

פאָלגענדע שטימען געגען דער רעזאָלוציע:

ד. אשינסקי, א. רובין, ל. בריין, ל. בראַון, פ. זאָלאָ, נ. באָס, ס. פעלדמאַן, ר. גאָלדבלאַט, ס. סאָלקאָווער, ה. ביען, דזש. קופער, מ. פישמאַן, א. באַטווינִיק, נ. סטיין, י. טשערנילאָ, דזש. גאָלדבערג, מ. קאַנאָוויץ, ס. פרידמאַן, מ. גאָלדבערג, ס. ריטשמאַן, דזש. וויים, ה. סטאָליער, מ. לעווין, א. בייקער, א. ראָזענשטיין, ה. וואָלק.

פאָלגענדע באַטייליגען זיך ניט אין שטימען, ווייל זיי זיינען אָפּוועזענד:

מ. איוועַנסקי, ב. באַטווינִיק, י. ראָטהמאַן, מ. זאַיאַץ, נ. פריימאַן, פ. ראָזענטאַל, א. צוקער, ב. מילער, ס. ליוויי, מ. גען, מ. ספּעקטאָר, א. יאַפּע, דזש. באַך, ד. סלוצקי, מ. שאַפּיראָ, מ. קירשאַן, מ. בלומענטהאַל, ה. לעווין, י. יאַפּע, ה. פאַדאָלסקי, ה. אפּעלבאַום, און ב. סווייער.

---

די עלעקשאָן קאָמיטע גיט אָפּ איר באַריכט וועגען די רעזולטאַטען פון די וואַלען פאַר נאַציאָנאַלע באַאַמטע ווי פאָלגט:

פאַר טשערמאַן, ר. גוסקין, 121 שטימען פאַר און 21 געגען.

פאַר וויים־טשערמאַן, י. ראָבערטס, 120 שטימען פאַר און 18 געגען.

פאַר טרעזשורער, ל. ראָטהמאַן, 127 שטימען פאַר און 13 געגען.

דער טשערמאַן דערקלערט די פריינד ר. גוסקין, י. ראָבערטס, ל. ראָטהמאַן און לעוויטאַן אלס די ערוויילטע נאַצ. באַאַמטע פון נעקסטען יאָר.

## וועגען דער פרעסע

די 22־טע קאָנווענשאָן פון א. ר. באַשליסט צו באַדאַנקען די סאָציאַליסטישע ארבעטער־פרעסע, וועלכע זיינען פריינדליך צום א. ר., נעמליך: „פאָרווערטס“, „ניו־יאָרק קאָל“, „וועקער“, „פרייע ארבייטער שטימע“, „צוקונפט“, „גערעכטיגקייט“, „פאָרטשריט“, „קאָאָפּעראַטיווע וועלט“, „קעפּ מייקער זשורנאַל“ און אנערקענט זיי אלס די אָרגאַנען, וואָס דריקען אויס דעם גייסט פון א. ר.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע

פר. גאָלדין באַריכטעט, אז די בענעפיט קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט איִם אלס טשערמאַן און ד. אלפערן, סעקרעטער.

1) די נאציאנאלע בענעפיט קאמיטע זאל בלייבען אין קראפט ווי געוועזען.

2) די נעקסטע נאצ. בענעפיט קאמיטע זאל אינסטרואירט ווערען פון דער 22טער קאנווענשאן צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט אונזער עקטשוערי און מאכען אויספארשונגען און צוזאמען אויסארבעטען פלענער ווי אזוי דער מעדיקאל דעפארטמענט זאל נאציאנאליזירט ווערען. דער רעזולטאט פון זייערע אויספארשונגען זאל געבראכט ווערען צו דער נעקסטער קאנווענשאן.

3) די נעקסטע נאציאנאלע עקזעקוטיוו זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט אונזער עקטשוערי און מאכען אויספארשונגען וועגען די וויסענשאפטליכע רייטס פון צאלונגען פאר קראנקען־בענעפיט און ברענגען א באריכט צו דער נעקסטער קאנווענשאן.

4) די רעקאמענדאציע פון דער נאצ. בענעפיט קאמיטע, אז די צאלונגען פאר בענעפיטס דעם צווייטען און דריטען יאר זאלען געהעכערט ווערען צו 8 דאלאר א וואך פאר 15 וואכען צייט.

וועגען דער דאזיגער רעקאמענדאציע איז דא א מאיאריטעט און א מינאריטעט מיינונג. די מינאריטעט דענקט, אז מיר זאלען צאלען צו 8 דאלאר א וואך, 15 וואכען צייט, דעם צווייטען און דריטען יאר און אין דער זעלבער צייט זאל מען העכערען דעם קראנקען־בענעפיט טעקס אויף 4 סענט.

רעקאמענדאציע נומ. 1 ווערט אפגעלייגט ביז נאכ'ן רעפארט פון דער פארוואלטונגס קאמיטע.

רעקאמענדאציעס נומ. 2 און 3 ווערען איינשטימיג אנגענומען.

## פארוואלטונגס קאמיטע באריכט

פר. לעוויטאן, טשערמאן פון דער פארוואלטונגס קאמיטע, באריכטעט:

1) אין ארטיקעל 3, פאראגראף 1, זאל געענדערט ווערען דער זאץ, וועלכער לעזט זיך: „קאנדידאטען פון 38 ביז 40 יאר אלט מוזען צושטעלען גענויע באווייזען, אז זיי זיינען ניט עלטער ווי אנגעגעבען." רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

2) ארויסנעמען פון דער קאנסטיטוציע דעם 21־טען פאראגראף פון ארטיקעל 4, וועלכער לעזט זיך: „די אפליקיישאן פון א קאנדידאט, וואס איז פון דאקטאר צוריקגעוויזען געווארען, מוז פון ברענטש געשיקט ווערען אין גענעראל־אפיס ניט שפעטער ווי אין צוויי טעג נאך דער דאקטאר־עקזאמינייישאן." די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

3) די סומע, וואס איז געבליבען פון דעם פאנד, וואס איז געקליבען געווארען אויף צו דעקען די דיוס פון די געדרעפטעטע מיטגלידער, זאל קענען באנוצט ווערען פאר ספעציעלע הילפס־צוועקען, און די נאציאנאלע עקזעקוטיווע זאל פון דעם פאנד קענען אסיגנירען ביז 1,000 דאלאר א יאר. די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

4) אין ארטיקעל 11 זאל צוגעשטעלט ווערען פאלגענדער פאראגראף: „ווען א מיטגליד אדער א ברענטש האט אן אפיל אדער א קלאגע געגען א מעמבער עט לארדזש, דארף דער אפיל אדער קלאגע אריינגעבראכט ווערען צו דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע, וועמעס אנטשיידונג איז בינדענד. די רעקאמענדאציע ווערט צוריקגעוויזען.

5) א מיטגליד פון דער פארוואלטונג זאל ניט טארען זיין אין דער זעלבער צייט קיין פינאנץ־סעקרעטער אדער טרעזשורער פון ברענטש. די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

6) ווען דער אפיס פאדערט פון א ברענטש די ביכער צו אונטערזוכען אין אודיטינג דעפארטמענט, איז דער ברענטש פארפליכטעט די ביכער צושיקען אין פארלויף פון 4 וואכען צייט. אין פאל דער ברענטש אנטזאגט זיך צושיקען די ביכער, זאל די עקזעקוטיוו זיין בארעכטיגט צו נעמען געזעצליכע שריט געגען ברענטש. די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

7) ארטיקעל 13, פאראגראף 10, פון אונזער קאנסטיטוציע זאל זיך לעזען ווי פאלגט:

„נאך דיזע 6 וואכען ביז א יאר קען א מיטגליד ווערען ריאינסטייטעט א. אז. וו." (ביז איצט איז געווען ביז 6 מאנאטען.) אויך פאראגראף 11 זאל זיך לעזען: „נאך דעם יאר קען א געשטראכענער מיטגליד אריינגענומען ווערען אין א. ר. א. אז. וו. אלס א נייער מיטגליד." די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

8) די נאצ. פארוואלטונג פון א. ר. זאל באשטייען פון 22 מיטגלידער, און זאל איינגעטיילט ווערען אין 4 קאמיטעס, ווי פאלגט: עדיוקיישאנאל און ארגאניזאציאנס קאמיטע פון 7, סאניטאריום קאמיטע פון 5, אפיס און בענעפיט קאמיטע פון 5, גריווענס קאמיטע פון 5. די רעקאמענדאציע ווערט דיסקוטירט און ווערט צוריקגעוויזען.

9) די 22־טע קאנווענשאן באשטימט, אז די זיצונגען פון דער נאצ. בארד אוו דירעקטארען זאלען בלייבען ווי געוועזען. אין דעם יאר, ווען עס וועט קיין קאנווענשאן ניט אפגעהאלטען ווערען, זאל די עקזעקוטיוו האבען דאס רעכט צו רופען מיטינגען פון דער נאצ. בארד אוו דירעקטארען, ווען זי וועט געפינען פאר נייטיג. די רעזאלוציע ווערט אנגענומען.

10) די פארוואלטונגס קאמיטע רעקאמענדירט, אז די רייזע־קאסטען פאר די מיטגלידער פון דער נ. ב. א. ד. זאלען געצאלט ווערען אין גאנצען. די רעזאלוציע ווערט אנגענומען.

11) אום צו געבען א געלעגענהייט די מיטגלידער פון א. ר. קאנווענשאן צו וויסען וואס עס קומט פאר אין א. ר., באשטימט די 22־טע קאנווענשאן צו באווילליגען א סומע פון 300 דאלאר יערליך פאר רייזע־קאסטען צו די דירעקטארען, וועלכע זאלען פון צייט צו צייט רופען פארזאמלונגען אין פארשידענע שטעט און געבען באריכטען פון זייערע זיצונגען. ווי אזוי די סומע זאל צעטיילט ווערען, בלייבט איבער צו דער נ. ב. א. ד. די רעזאלוציע ווערט אנגענומען.

12) די 22־טע יערליכע קאנווענשאן פון א. ר. באשליסט, אז ווען א יוניאן האט א קלאגע געגען א מיטגליד פון א. ר., זאלען זיי האבען דאס רעכט צו ברענגען זייערע קלאגען בעפאר דעם ברענטש, וואו דער באטרעפענדער מיטגליד באלאנגט. די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

13) אז דער איין־פראצענט איינטריטס־געלט פון נייע מיטגלידער, וועלכע וועלען אריינקומען אין פארלויף פון 1־טען אקטאבער 1922 ביז דעם 1־טען אקטאבער 1925, זאל גיין אויף צו דעקען דעם איצטיגען דעפיציט פון אדמיניסטריישאן פאנד. אין פאל עס וועט בלייבען געלט נאכדעם ווי דער דעפיציט וועט געדעקט ווערען, זאל די איבעריגע סומע פארווענדט ווערען צו דעקען די דעפיציטען פון די אנדערע פאנדס. צו דער זעלבער צייט דריקט אויס די 22־טע קאנווענשאן איר וואונטש צו דער קומענדער עקזעקוטיווע, אז זי זאל זען, אז די קאמיטעס זאלען ניט מאכען קיין דעפיציטען אין זייערע פאנדס. די רעזאלוציע ווערט אנגענומען.

14) די פארוואלטונגס קאמיטע, באטראכטענדיג אונזער טויטען־בענעפיט פאנד, אונזערע שטארבענס־פאלען אין פארגלייך מיט דעם אלגעמיינעם מארטאליטי טייבל, ווי אויך אונזער וואליואיישאן, וועלכער איז 111 פראצענט, איז געקומען צום שלוס, אז א דיווידענד קען געצאלט ווערען צו אונזערע מיטגלידער, לויט זייער עלטער און צייט אין דעם א. ר., און מיר רעקאמענדירען צו באאויפטראגען די קומענדע עקזעקוטיוו קאמיטע אויסצוארבעטען, צוזאמען מיט אונזער עקטשוערי, די נייטיגע טאבעלען און פארמען פאר דעם צוועק. די רעזאלוציע ווערט אויך אנגענומען.

## רעפארט פון סאניטאריום קאמיטע

פר. כאנין, טשערמאן פון דער קאמיטע, באריכטעט.

זיי רעקאמענדירען:

1) פארקלענערען דעם אסעסמענט פון בילדינג פאנד פון סאניטאריום אויף 5 סענט א קווארטאל. די רעקאמענדאציע ווערט אנגענומען.

2) די רעקאמענדאציע פון דער עקזעקוטיוו, אז אין דעם א. ר. סאניטאריום זאלען אריינגענומען ווערען אלס באצאלטע פאציענטען עלטערן פון מיטגלידער, אויך שוועסטער און ברידער אין עלטער פון 16 ביז 22 יאר, רעקאמענדירט די קאמיטע, אז די דאזיגע רעזאלוציע זאל אנגענומען ווערען פון דער קאנווענשאן. די רעזאלוציע ווערט איינשטימיג אנגענומען.

3) מיר דריקען אויס אונזער וואונטש, אז די קומענדע נאציאנאלע עקזעקוטיוו זאל באאויפטראגען דער עדיוקיישאנאל קאמיטע צוזאמען מיט ספעציאליסטען דאקטוירים אויסצוארבעטען אויפקלערונגס־כללים ווי אפצוהיטען דעם געזונט פון אונזערע מיטגלידער. אז די כללים זאלען ברייט פאנאנדערגעטיילט ווערען שריפטליך און אויך מינדליך צו אלע ברענטשעס און מיטגלידער. די רעקאמענדאציע ווערט גוטגעהייסען.

4) די 22־טע קאָנוועגשאָן פאָדערט אויף דער קומענדער כאַניטאַריום קאָמיטע צוזאַמען מיט דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו צו באַטראַכטען די פראַגע וועגען פאַסענדע באַשעפטיגונגען פאַר די עקס־פאַציענטען פון סאַניטאַריום. זיי זאָלען אויך האָבען דאָס רעכט צו מאַכען אַן עקספּערימענט און ספּענדען אַן ערך פון פינף טויזענט דאָלאַר פאַר דעם צוועק. די רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

## באַריכט פון דער קאָמיטע אַן אַפּיסערס רעפּאָרט

די קאָמיטע האָט זיך קאָנסטיטואירט מיט פר, גאָלדינג, פון ניו־יאָרק, אַלס טשערמאַן, און פר. בענדזשאַמין, פון קליוולאַנד, אַלס סעקרעטאַר.

די קאָמיטע נעמט פאָר דעם באַריכט פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרען, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דער לעווין־קייס. מיר האָבען פאָרגערופען פאַר אונזער קאָמיטע פר. גוסקין און ער האָט אונז דערקלערט, אַז די נאַציאָנאַלע באָרד אוו דירעקטאָרען האָט ניט געהאַט קיין רעכט פאָרצונעמען דעם אַפּיל פון פר. לעווין, ווייל אַ קאָנווענשאָן, וועלכע איז ביי אונז די העכסטע אינסטאַנץ, האָט שוין וועגען דעם אַפּיל געהאַנדעלט און האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיוו אויסצושליסען פר. לעווין פון סאַניטאַריום. צווייטענס, האָבען מיר ניט געקאָנט נאָכקומען דעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרען, ווייל זיי האָבען אונז ניט געגעבען קיין הירינג אין דער דאָזיגער פראַגע.

פר. בענענסאָן, דער פאַרטרעטער פון דער נ. ב. א. ד., האָט פאַר אונזער קאָמיטע צוגעגעבען, אַז מעגליך האָט די נאַצ. באָרד ניט געהאַט קיין רעכט אויפצונעמען די קייס, ווען אָבער די נ. ב., אַלס די העכסטע אינסטאַנץ פון א. ר. אויסער דער קאָנווענשאָן האָט אַזאַ באַשלוס אָנגענומען, האָט די עקזעקוטיוו געדאַרפט זיך רעכענען דערמיט און פר. לעווין אַריינגעמען צוריק אין סאַניטאַריום און נאָכהער פאַרקלאָגען די נ. ב. צו דער קאָנווענשאָן. צווייטענס, דערקלערט פר. בענענסאָן, אַז מען האָט ניט געקענט געבען דער עקזעקוטיוו קיין הירינג אין דער דאָזיגער פראַגע, ווייל דער באַשלוס איז ניט אָנגענומען געוואָרען ביי אַ מיטינג פון דער נ.ב.אָ.ד., נאָר דורך אַ רעפערענדאָום־אָפּשטימונג, וועסכע איז שריפטליך צוגעשיקט געוואָרען צו אַלע מיטגלידער פון דער נ. ב. א. ד.

נאָך פיל פראַגען, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען צו פר. גוסקין און צו פר. בענענסאָן, ווערט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער עקזעקוטיוו, ווייל מיר דענקען, אַז די נ. ב. האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו ענדערען אַ באַשלוס פון אַ פריערדיגער קאָנווענשאָן. די רעקאָמענדאַציע ווערט גוטגעהייסען.

2) וועגען דער קייס פון דעם אַפּיל פון פר. מאַלקין, בר. 147, רעקאָמענדירען מיר צו דער קאָנווענשאָן איבערצוגעבען די קייס נאָכאַמאָל צו דער נ. ב. א. ד., ווייל, ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, האָט דער באַטרעפענדער מיטגליד פון בר. 147 צוגעשטעלט נייגענדיגע נייע באַווייזען, וועלכע גיבען אים אַ רעכט נאָכאַמאָל די קייס פאָרצוברענגען פאַר דער נ. ב. א. ד. די רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

3) די רעפּאָרטס פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, אָפּיס קאָמיטע און בענעפיט קאָמיטע רעקאָמענדירען מיר גוטצוהייסען. — אָנגענומען.

4) דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע רעקאָמענדירען מיר גוטצוהייסען. אין באַצוג דער אַנטשיידונג פון פר. עלקין פון בר. 53, אַז זי איז באַרעכטיגט צו לאָקאַלע סיקבענעפיט, ווערט גוטגעהייסען.

5) פר. זאַלצמאַן איז ערשינען פאַר דער קאָמיטע און פאַרלאַנגט, אַז די קאָמיטע אַן אָפּיסערס רעפּאָרטס זאָל רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן: א) אַז די קאָנווענשאָן זאָל אים געבען אַ געלעגענהייט פאָרצולייגען זיין צד אַלס אָנגעקלאָגטער אין דער פראַגע, וואָס דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע האָט באַרירט אין זיין רעפּאָרט. ב) אַז די גריוועגס קאָמיטע רעפּאָרט אין באַצוג זייער אַנטשיידונג צו דער קליוולאַנד־טעריטאָריע־דעלעגאַטען זאָל צוריקגעוויזען ווערען. ג) אַז דער רעפּאָרט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אַלס אַ גאַנצער צוריקגעוויזען ווערען. ד) ניט גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין באַצוג דער פראַגע וועגען טאָלירא.

מיר האָבען פר. זאַלצמאַנס פאַרלאַנג צוריקגעוויזען, ווייל מיר גלויבען, אַז אַזוי לאַנג ווי פר. זאַלצמאַן האָט דערקלערט, אַז ער אַפּעלירט צו דער נ. ב. א. ד., קען די קאָנווענשאָן וועגען דער דאָזיגער פראַגע ניט האַנדלען.

מיר רעקאָמענדירען אויך גוטצוהייסען די רעפּאָרטס פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע און די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

אויסהערענדיג און דורכלעזענדיג די באַריכטען פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע און אַלע דעפּאַרטמענט קאָמיטעס, רעקאָמענדירען מיר, אַז די קאָנווענשאָן זאָל אָננעמען אַלע באַריכטען און אויסדריקען אַ דאַנק פאַר זייער גוטער אַרבעט.

דעלעגאַט קאַנאָוויטש פרעגט ביים טשערמאַן, צי וואָלט ניט געווען רעכט, אַז פר. זאַלצמאַן, וועלכער איז אַטאַקירט געוואָרען אין דעם רעפּאָרט פון דעם טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע, זאָל קריגען דאָס וואָרט זיך צו פאַרטיידיגען. דער טשערמאַן, מר. פיינערמאַן, דערקלערט אים, אַז די קאָנווענשאָן פון 1916 האָט געהאַט אַן ענליכען פאַל, וואו געוויסע מיטגלידער פון יענער עקזעקוטיוו זיינען געווען אָנגעקלאָגט פאַר אַרויסטרעטען עפענטליך געגען דער פאַרוואַלטונג. ביי יענער קאָנווענשאָן האָבען יענע מיטגלידער אויך אַפּעלירט צו דער קאָנווענשאָן און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די באַטרעפענדע מיטגלידער זאָלען זיך ווענדען צו די מיטגלידער אַן אָפּיסערס רעפּאָרטס. די דערקלערונג פון טשערמאַן ווערט גוטגעהייסען. עס ווערט גענומען אַן אָפּשטימונג. דער באַריכט פון דער קאָמיטע אַן אָפּיסערס רעפּאָרטס ווערט גוטגעהייסען.

דער טשערמאַן דערקלערט, אַז די געשעפטס־פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָנווענשאָן זיינען צו ענד און ער זאָגט:

„היינטיגע קאָנווענשאָן קען זיך אַליין באַגריסען מיט די אמת'ן, וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט אין אַלערליי פראַגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען. ווען די צייט וואָלט ניט געווען באַשרענקט, וואָלט איך געווען אימשטאַנד צו מאַכען אַ סך־הכל פון אַלץ, וואָס ס'איז געטאָן געוואָרען. די דעלעגאַטען זיינען אָבער אומגעדולדיג און איך וועל זיך באַנוצען מיט דער קורצער צייט, וואָס ס'איז נאָך פאַרבליבען, און וועל אייך פאָרשטעלען דעם טשערמאַן פון דער אַראַנזשמענט קאָמיטע, פר. פרומהאַרץ.

פר. פ. פרומהאַרץ, טשערמאַן פון דער קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע, זאָגט:

„איך וויל אויסדריקען אַ דאַנק צו די, וואָס האָבען מיר צוגעטיילט דעם כבוד צו שטיין אָן דער שפּיץ פון דער אַראַנזשמענט קאָמיטע, וועלכע האָט געדאַרפט צוגרייטען אַלע אַראַנזשמענטס פאַר דער 22־טער קאָנווענשאָן. טאָראָנטאָ איז געווען די ערשטע שטאָט אין קענעדע, וואָס האָט געהאַט די זכיה צו האָבען די קאָנווענשאָן. מיר. די אַראַנזשמענט קאָמיטע, האָבען פאַרשטאַנען, אַז עס דאַרף ניט געשפּאָרט ווערען קיין צייט און מי, כדי צו מאַכען די קאָנווענשאָן וואָס שענער און וואָס איינדרוקספולער. מיר זיינען זיכער, אַז דאָס איז אונז געלונגען אין אַלע הינזיכטען. ניט נאָר איז די אַראַנזשמענט קאָמיטע צופרידען וואָס די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען ביי אונז אין שטאָט, נאָר די מיטגלידער פון טאָראָנטאָ פילען זיך שטאָלץ און גליקליך, וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט דעם כבוד. אין דער צוגרייטונגס־אַרבעט פאַר דער קאָנווענשאָן האָבען מיר ניט אין זינען געהאַט קיין פּאָליטיק און קיינע רייסערייען, נאָר די אינטערעסען פון גאַנצען אַ. ר.

איך וויל אויסדריקען מיין צופרידענהייט און דאַנק אין נאָמען פון אַלע טאָראָנטער מיטגלידער מיט דער אַרבעט, וואָס די קאָנווענשאָן האָט אויפגעטאָן און איך האָף, אַז ווען די דעלעגאַטען וועלען קומען אַהיים אין זייערע שטעט, וועט די 22־טע קאָנווענשאָן ביי זיי בלייבען איינגעקריצט אין זייער זכרון אַלס די שענסטע און אינהאַלטסרייכע קאָנווענשאָן, וואָס דער אַ. ר. האָט ווען ניט איז געהאַט.“

דער נעקסטער רעדנער פאַר'ן שליסען די קאָנווענשאָן איז גענאָסע וו. מעדעם. ער זאָגט:

„איך בין שוין דאָס צווייטע מאָל אַנוועזענד ביי אייערע קאָנווענשאָנס. היינטיגס מאָל איז מיר די קאָנווענשאָן אַ סך מער געפעלען געוואָרען, ווי די קאָנווענשאָן פון לעצטען יאָר. איך ווייס ניט צוליב וואָס, צי דאָס איז צוליב דעם וואָס די קאָנווענשאָן איז געוואָרען בעסער, אָדער איך בין געוואָרען ערגער. אויף מיר האָט אָבער די היינטיגע קאָנווענשאָן געמאַכט אַ סך אַ בעסערען איינדרוק. עס פירט זיך שוין אַזוי, אַז אין די ערעפענונגס־רעדען ביי דער קאָנווענשאָן ווערט שטאַרק באַטאָנט דאָס וואָרט „אחדות“. איך האָב ביי דער ערעפענונג מאַקע געהערט וועגען איינינקייט און האַרמאָניע, און אויב די

קאָנווענשאָן האָט וועגן איינציגע פראַגען זיך ניט געקענט אייניגען און עס זיינען דאָ פאַרשידענע מיינונגס־פאַרשידענהייטען, איז דאָס ניט געפערליך, ווייל אין יעדער גרויסער אָרגאַניזאַציע מוזען זיין מיינונגס־פאַרשידענהייטען. ווען איך האָב גערעדט ביי דער ערעפענונג וועגן אייניגקייט, האָב איך געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי שאַרפע ליניעס, וועלכע צעטיילען זיך, און דאָס קען ניט פאַרענטפערט ווערען ניט היינט און ניט מאָרגען. דער איינדרוק אָבער פון דער היינטיגער קאָנווענשאָן, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט, איז, אַז עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען דורכוואַרפען די ערשטע שפּראָצונגען פון געגענזייטיגער פאַרשטענדניס. איך שטיי ניט מיט אירגענד וועלכען צד. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז איך האָב ניט מיין אייגענע מיינונג. שטייענדיג אָן אַ זייט, האָב איך די מעגליכקייט אריינצוקוקען נענטער און באַטראַכטען זאַכען אַזוי ווי זיי זיינען.

שטעלט זיך פאָר, אַז אַ מענטש וועט זיך אוועקשטעלען אין ניו־יאָרק לעבען דער וואולוואָירטה בילדינג און וועט האַלטען די האַנט איבער זיינע אויגען, וועט די האַנט אויסקוקען צו אים גרעסער ווי די גאַנצע ריזיגע געביידע. דאָס איז דערפאַר, ווייל די האַנט איז נענטער צו אים, און דעריבער פאַרשטעלט זי די גרויסקייט פון דער געביידע. אונזער קאַמף געגען דער קאַפּיטאַליסטישער וואולוואָירטה־בילדינג פון דער וועלט איז אַ גרויסער, און ווען עס רייסען זיך אַריין פאַרשידענע קלייניגקייטען, וועלכע זיינען צו מאַכען נענטער, פאַרשטעלט דאָס די גרויסקייט און די וויכטיגקייט פון דעם אמת'ן קאַמף. אָט שטייען מיר, קליינע גרופּען, און רייסען זיך און קוקען אויף אונזערע קליינע הענטעלאַך, און דאָ שטייט פאַר אונז די וואולוואָירטה־בילדינג פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. פריער אָדער שפּעטער וועלען די גרופּען מוזען איינזען, אַז די וואולוואָירטה־בילדינג איז פיל גרעסער פון אונזער האַנט. עס איז אונזער מיינונג, אַז דער צאָרן ביי די אַרבעטער דאַרף שטאַרק פאַנאַנדערגעבלאָזען ווערען, אָבער דער צאָרן דאַרף ניט זיין איינער געגען דעם אַנדערען, נאָר געגען דעם אַלגעמיינעם קאַפּיטאַליסטישען שונא.

לאָמיר אַלע פאַראייניגט קעמפען געגען דעם מעכטיגען שונא — די וואולוואָירטה־בילדינג פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס."

דער טשערמאַן שטעלט דאַן פאָר מ. לעווינסאָן, דעם פאָרטרעטער פון די אידישע א. ר. שולען. פר. לעווינסאָן זאָגט:

„טראָץ דעם וואָס איך דענק, אַז איך האָב מיין מיסיע, וואָס איז מיר געגעבען געוואָרען אין פילאַדעלפיע ביים צוזאַמענפאָר פון די א. ר. לערער, ניט דורכגעפירט אין גאַנצען ווי מיר האָט זיך געוואָלט, דענק איך אָבער, אַז מיט אַ חעכערונג פון 1 סענט פאַר די א. ר. שולען האָט די קאָנווענשאָן געגעבען איר צושטימונג צו דער אַרבעט, וועלכע איך באַטראַכט פאַר זייער וויכטיג, און וועלכע וועט מיט דער צייט זיכער זיין אַ כבוד פאַר'ן א. ר. לאָמיר האָפען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו פון נעקסטען יאָר וועט געבען אַלע מעגליכע הילף צו די א. ר. שולען."

פר. גוסקין, דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, ווערט דאַן פאָרגעשטעלט, און צווישען אַנדערעס זאָגט ער:

„מען האָט אַ גאַנץ יאָר געהאַלטען אין איין פאַרלוימדען די עקזעקוטיוו בכלל און מיך בפרט, און אויב איך וואָלט ניט געדענקט צו בלייבען אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיוו פאַר נאָך אַ יאָר, האָב איך אָבער געמוזט דאָס טאָן, אום צו וויסען, צי איז דאָס בלויז אַ פראַגע פון עטליכע פערזאָנען, וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט מיך צו ערנידעריגען און באַשמוצען, אָדער דאָס איז די מיינונג פון דער גרויסער מיטגלידערשאַפט. מיין ערוויילונג אין דער עקזעקוטיוו מיט אַ גרויסער צאָל שטימען און מיין ווידער־ערוויילונג אַלס טשערמאַן ביי דער דאָזיגער קאָנווענשאָן מאַכט שטאַרקער מיין איבערצייגונג, אַז די גרויסע מיטגלידערשאַפט האָט פולען צוטרויען צו דער עקזעקוטיוו און אירע באַאַמטע און איך וויל דאָ די דעלעגאַטען פאַרזיכערען, אַז איך וועל נעקסטען יאָר מיט מער ענערגיע און אויפריכטיגקייט אַרבעטען צו פאַרשטאַרקערען און פאַרשענערען אונזער אַלעמענס באַליבטען א. ר. איך דאַנק אייך נאָך אַמאָל פאַר דער ערע, וואָס איר האָט מיר צוגעטיילט, ערוויילענדיג מיך אַלס טשערמאַן פאַר'ן נעקסטען יאָר."

דער טשערמאַן שטעלט פאָר דר. סינגאַלאָפסקי, דעם פאָרטרעטער פון „אָרט", וועלכער זאָגט:

„איך שטיי איצט פאַר נעילה און איך בין זיכער, אַז איר האָט אַ חתימה טובה. אַזאַ אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיגקייט פון אַזאַ צאָל דעלעגאַטען האָב איך נאָך ביז איצט ניט געזען. עס קומט אייך אַ באַזונדערער מזל־טוב, וואָס טראָץ דעם וואָס איר זייט ניט קיין דאָקטוירים און יוריסטען, נאָר איינפאַכע אַרבעטער, האָט איר באַוויזען צו פירען אַ קאָנווענשאָן מיט אַזוי פיל טאַקט און כבוד פאַר אייך. איך גלויב און בין זיכער, אַז בלויז אַרבעטער קענען פירען אַזאַ שיינע קאָנווענשאָן ווי איר. ביז ניט לאַנג צוריק, ווען אידען האָבען געוואָלט אויסדריקען זייער פּראָטעסט, האָבען זיי בלויז געהאַט איין גרויסע פעולה. און דאָס איז שבת „מעכב הקריאה" זיין. איצט אָבער, אַלס אידישע אָרגאַניזאַציע, צייגט איר אַ גרעסערע פעולה און כח, און דאָס איז אייער באַוואוסטזיין און קלאַסען־קאַמף. איך האָב דאָ גערעדט פאַר אייער רעספּעקטאַבלער קאָנווענשאָן, פאַרלייגענדיג פאַר אייך די בקשה, וועלכע איר האָט גאַנץ ליבעראַל באַטראַכט, און איך דאַנק אייך דערפאַר. איך גלויב שטאַרק אין דער לעבענס־קראַפט פון אַרבעטער, און איך בין זיכער, אַז עס איז ניטאָ אַ בירגערליכע געזעלשאַפט, וועלכע זאָל זיך פאַרגלייכען מיט אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנס־פעאיגקייט, ווי איר האָט אויסגעאַרבעט. לעבען זאָל, שטאַרק און מעכטיג זאָל זיין דער אידישער גרויסער אַרבעטער־אָרדען — אַרבעטער־רינג!"

דער טשערמאַן שטעלט פאָר פר. נעבאַמקין, אַ מיטגליד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, וועלכער גייט אַרויס פון דער עקזעקוטיוו. ער באַדאַנקט די אַלע ברענטשעס פון לאַנד פאַר דער ערוויילונג אין דער סאַניטאַריום קאָמיטע. עס איז פאַר אים געווען דער גרעסטער כבוד אין דער וועלט צו זיין איינער פון די אָפיציעלע באַאַמטע פון דעם גרויסען, שיינעם, שטאַרקען אַרבעטער־אָרדען. ער דריקט אויס זיין וואונטש צו דער נייערוויילטער עקזעקוטיוו, אַז זיי זאָלען אַרבעטען האַרמאָניש פאַר דער הייליגער זאַך און צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע צווייגען פון דער באַוועגונג אַרבעטען פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער איצטיגער פאַרפוילטער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם.

שפּינראַד, אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, וועלכער פאַרלאָזט די סאַניטאַריום קאָמיטע, באַדאַנקט די קאָנווענשאָן פאַר ערוויילען אים עטליכע יאָר נאָכאַנאַנד אין אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכער קאָמיטע, ווי די סאַניטאַריום קאָמיטע איז. ער רעדט באַגייסטערט וועגען דעם גרויסען אויפטו אין א. ר., האָבענדיג אַזאַ שיינעם אַנשטאַלט פאַר קראַנקע מיטגלידער, וועלכע, צוליב די היינטיגע אומשטענדען, זיינען אונטערגעוואָרפען אונטער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט. ער האָפט אויך, אַז די קומענדע עקזעקוטיוו וועט אַרבעטען האַרמאָניש פאַר די אינטערעסען פון אַרבעטער־רינג.

דער טשערמאַן שטעלט דאַן פאָר דעם טרעזשורער פון א. ר., פר. ל. ראָטהמאַן, וועלכער איז אויך דער רעדאַקטאָר פון „קאָנווענשאָן בולעטין."

פר. ראָטהמאַן מאַכט פריער אַ דערקלערונג, אַז צוליב אַ סיבה אין דער דרוקעריי האָט זיך דער 5־טער נומער „בולעטין" פאַרשפּעטיגט און וועט צוגעשיקט ווערען צו די דעלעגאַטען צוזאַמען מיט דעם 6־טען און לעצטען נומער, אין וועלכע עס וועלען אריינגיין אַלע פאַרהאַנדלונגען פון קאָנווענשאָן. ער באַדאַנקט די דעלעגאַטען פאַר דעם כבוד, וואָס זיי האָבען אים ווידער ערוויילט אַלס טרעזשורער און דריקט אויס די האָפענונג, אַז ער וועט ווייטער פאָרזעצען צו דינען די אינטערעסען פון א.ר. און העלפען פאַרשטאַרקערען און פאַרגרעסערען די אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אים אַזוי ליב און טייער.

### שלום־רעדע פון י. ב. ביילין

ליבע פריינד דעלעגאַטען און טשערמאַן פון דער לעצטער זיצונג: איך ווייס, אַז אַ היבשע גרופּע דעלעגאַטען, די וועמענס מיינונגען און וואונטשען זיינען צוריקגעוויזען געוואָרען פון דער מאַיאָריטעט פון דער קאָנווענשאָן פילען זיך יעצט, אין דעם מאָמענט, ניט גאַנץ יום־טוב'דיג. פון דער צווייטער זייט פילען זיך די זיגער פאַרטרונקען פון זיג. מיר דערמאָנט זיך איצט דער היסטאָרישער אינצידענט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען אַלעקסאַנדער מוקדן, דעם גרויסען, און זיין ראַטגעבער און הויפּט־גענעראַל, דוכט זיך זיין נאָמען איז געווען קליטוס. בשעת אַלעקסאַנדער האָט מיט אַן אייזערנער האַנט אונטערדריקט אַן אויפשטאַנד אין איינער פון זיינע איינגענומענע שטעט איז ער באַגאַנגען איניגע גרויזאַמקייטען, וואָס זיינען ניט געווען קליטוסען צום האַרצען. זאָגט אים קליטוס: „איך וואָלט אַזוי ניט געהאַנדעלט, ווען איך וואָלט געווען אַלעקסאַנ־

דער". אלעקסאנדער האט אים א ווײלע אנגעקוקט און געענטפערט: „איך וואלט אויך אזוי ניט געטאן, ווען איך וואלט געווען קליטום".

יע, מײנע פריינד, איך בין גראד זיכער, אז ווען דער אויסגאנג פון דער קאנווענשאן וואלט געווען א פארקערטער, וואלטען אונזערע חברים פון לינקס פונקט געווען אזוי פאר'שכור'ט, ווי איצט אונזערע פריינד פון רעכטס. מיר זיינען מער ניט, ווי מענטשען — רעכטע אזוי גוט ווי לינקע, ראדיקאלען אזוי גוט ווי קאנסערוואטארען. איך בין אבער זיכער אז די זיגער זיינען באמת קיין זיגער ניט און די באזיגטע זיינען ניט קיין באזיגטע. אויב אן אידעע האט אין זיך די קראפט פון אמת, איז זי שטענדיג א זיגרייכע, צי זי ווערט אויף א ווײלע פארשריען, אדער מיספארשטאנען. איך האב שטענדיג מקנא געווען די אמאליגע געצענדינער, וואס האבען געדינט צו דער זון. זייער גאט איז שטענדיג געווען א זיגער. די ווינטען און וואלקענס האבען קיינמאל ניט געקענט די זון פון איר קרייז־וועג פארטרייבען. זיי האבען איר נאר געקענט אויף א ווײלע פארשטעלען. אפטמאל פארשטעלט זיך פאר א טייל פון אונז די זון, מיר הייבען אן צו בלאנדזשען אין דער פינסטער, עס ווערט א צעמישעניש אין די מוחות.

מיר זיינער אבער זיכער, אז עס איז ניט אויף לאנג. די בייזע ווינטען וועלען נאך אויפהערען, די וואלקענס וועלען פארשווינדען און אלע פון אונז וועלען זען די זון פון אמת. דעמאלט וועלען מיר זיך אלע קענען באטראכטען אלס זיגער, אבער ניט פון איינע פון אונז אנטקעגען אנדערע פון אונז, נאר איבער אונזערע אמת'ע שונאים. לאמיר דעריבער אלע ארבעטען, אז דער א. ר. זאל העלפען ברענגען יענע צייט, ווען מיר וועלען אלע דערזען א גרויסע, א שיינע און ליכטיגע זון.

עס האלט אויך א ווארימע שלום־רעדע פר. י. באסקין. ער ווינשט די דעלעגאטען א זיי געזונט און דריקט אויס די האפענונג, אז זיי וועלען אלע אוועקפארען אויף די ערטער מיט מער ענטוזיאזם צו ארבעטען פאר'ן א. ר. און העלפען דער נייער עקזעקוטיוו קאמ. דורכצופירען די ארבעט פאר דעם קומענדיגען יאר.

פר. ראזענבלאט, טשערמאן פון דער אפיס קאמיטע, וועמעס דריי־יעריגער טערמין אין דער נאציאנ. עקזעקוטיוו ענדיגט זיך, קריגט דאס ווארט און זאגט צווישען אנדערעם:

„מיט א געפיל פון ליבע, אכטונג און פריינדליכקייט נעם איך איצט אן אפיציעלען אפשיד אלס נאציאנאלער באאמטער פון דער ארגאניזאציע, וועלכע איך האב דריי יאר געדינט ערליך, געטריי און איבערגעגעבען. עס איז מיר איצט שווערער אוועקצוגיין ווי דאן דאס ארייַנקומען. נאר אלס געזעץ־ליבענדער בירגער פון א. ר. מוז איך אפהיטען דעם דריי־יאריגען אמענדמענט, וועלכען איך האב אליין געהאלפען שאפען ביי דער דעטראיטער קאנווענשאן. איך האב, ווי אן אפיציר, געטראגען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט און דעם יאך, וואס די ברייטע מיטגלידערשאפט האט אויף מיר ארויפגעלייגט. פיל מאל געטאדעלט געווארען פון אומפאראנטווארטליכע עלעמענטען און זעלטען ווען געלויבט געווארען פון אקטיווע טוער. איך האב דאס אבער אלע מאל אנגענומען פאר ליב, וויסענדיג, אז די ארבעט, וואס איך העלף דורכפירען, איז פאר דעם וואוילזיין פון דער ארגאניזאציע. דער ארבעטס־וועג אין אזא געזעלשאפט ווי אונזערע איז זעלטען ווען עס איז אויסגעלייגט מיט בלומען, מערערע מאל מיט דערנער. ווען מען וויל אבער מאכען גוט און ביישטייערען די, טייל ארבעט, וועלכע מען האט זיך פארפליכטעט, מוז מען פארזוכען אפצוראמען די דערנער פון וועג.

מיט שטאלץ קען איך זאגען, אז איך האב מיין אויפגאבע לויט מײנע פעאיגקייטען פאלשטענדיג דערפילט און דעם עקזאמען פון דעם דריי־יאריגען קורס אין דעם קאלעדזש פון געזעלשאפטליכער טעטיגקייט ביז א געוויסען גראד אויסגעהאלטען.

איצט, אלס פראסטער סאלדאט, בלייב איך געטריי דעם א. ר. און וועל ווידער אוועקגעבען מײנע פעאיגקייטען צו דינען די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע, וועלכע איז מיר ליב און טייער.

איך האף, אז די נייע פארוואלטונג וועט אנגיין מיט איר ארבעט און פירען די ארגאניזאציע צום בכבוד'יגען שטאנד, צו וועלכען זי איז בארעכטיגט."

פר. י. ווײנבערג ווערט דאן פארגעשטעלט אלס דער לעצטער רעדנער פאר דער שליסונג פון דער קאנווענשאן. ער זאגט:

„עס איז פאר מיר געווען א גרויסער כבוד, ווען איך בין ערוויילט געווארען צו עפענען די קאנווענשאן און עס איז זיכער פאר מיר ניט קיין קלענערער בכוד צו זיין דער, וועלכער וועט שליסען די קאנווענשאן. עס איז אמת, אז דא זיינען פארגעקומען אביסעל מיינונגס־פארשידענהייטען און רייבונגען, אבער זיי זיינען זיכער ניט געווען פון פערזענליכען כאראקטער, אדער פון פערזענליכער שנאה. יעדער איינער פון אונז האט ערליך געקעמפט פאר דאס, וואס ער איז געווען איבערצייגט, אז עס איז רעכט. איך פארזיכער אלע דעלעגאטען, זאגאר מײנע געגנער, אז אריינגייענדיג איצט אין דער עקזעקוטיוו אלס א „גרינער", וועל איך טאן אלעס מעגליכעס צו קומען צו א פארשטענדניס מיט יעדען איינעם, וועלכער וועט ערנסט וועלען טאן עטוואס פאר'ן א. ר. איך וויל אויך די דעלעגאטען פארזיכערען, אז איך גיי אריין אין דער עקזעקוטיוו אלס א פראסטער סאלדאט צו טאן ארבעט, און לאמיר האפען, אז צו דער נעקסטער קאנווענשאן וועלען מיר קומען פאראייניגט און שטארקער ווי אלע מאל."

דער טשערמאן, פר. פיינערמאן, דערקלערט דאן די 22־טע קאנווענשאן פון א. ר. פאר געשלאסען.

---

## ספעציעלע זיצונג — פיונעראל דעפארטמענט

דאנערשטאג, דעם 14־טען מאי, 10 א זייגער מארגענס.

די ספעציעלע זיצונג פון פיונעראל דעפארטמענט ווערט ערעפענט דורך מיס אש, סעקרעטארין פון פיונעראל דעפארטמנט. אין קורצען דערקלערט זי דעם צוועק פון דער דאזיגער זיצונג און נעמט פאר נאמינײשאנס פאר טשערמאן.

פר. פאלאק, פון עליזאבעט, נ. דזש., ווערט ערוויילט אלס טשערמאן און פר. לעווין, פון שיקאגא, אלס וויס־טשערמאן.

אלס סעקרעטארען ווערען ערוויילט די דעלעגאטען סקלאר, פון ניו־יארק, און גינזבורג, פון ברוקלין.

עס ווערא פארגענומען דער באריכט פון פיונעראל דעפארטמענט. פר. אש באריכטעט:

אין 1918, ווען די ערשטע עפידעמיע פון דער „פליו" אין גאנצען לאנד האט אויסגעבראכען, האט דער דאזיגער דעפארטמענט געליטען זייער א גרויסען דעפיציט. אט דער דעפיציט איז דעם צווייטען יאר פארגרעסערט געווארען דורך א קלענערער עפידעמיע, וועלכע האט א שטיקעל צייט ווידער געהערשט, אדער בעסער געזאגט, זי האט זיך נאך געשלעפט פון 1918; דערצו זיינען אין יענעם יאר פארגרעסערט געווארען די צאלונגען פאר פיונעראל בענעפיטס, און אלץ צוזאמען האט געבראכט דערצו, אז דער דעפיציט ענדע יאר 1921 האט באטראפען איבער דרייסיג טויזענט דאלאר. זעלבסטפארשטענדליך, האט מען געמוזט זוכען מיטלען ווי אזוי דעם דעפיציט אפצואווישען, און פאלגליך איז געקומען דער פארשלאג פון דעם דעפארטמענט ביי דער לעצטער קאנווענשאן אין באסטאן, אז די מיטגלידער זאלען ווערען געטעקסט מיט 40 סענט און אז אט די 40 סענט זאלען אויסגעצאלט ווערען אין פארלויף פון פיר קווארטאלען, אנפאנגענדיג מיט דעם 84־טען קווארטאל און ענדיגענדיג זיך מיט דעם 87־טען קווארטאל. דער דאזיגער פארשלאג איז דורכגעגאנגען ביי דער ספעציעלער זיצונג פון דער פיונעראל סעשאן און איז גלייך אריין אין קראפט.

ביז איצט האבען מיר שוין קאלעקטעט פאר דריי קווארטאלען, און צוזאמען מיט די פריערדיגע ספעציעלע אסעסמענטס פון די פינף־סענטיגע קומען מיר איצט צו אייך ניט נאר מיט דעם דעפיציא אין גאנצען אפגעווישט, זאנדערן אויך מיט א סורפלוס פון ארום 14 טויזענט דאלאר. דער נעקסטער קווארטאל וועט אויך אריינברענגען אייניגע טויזענט דאלאר און דערמיט וועט דער סורפלוס פארגרעסערט ווערען.

אין די לעצטע פאר יאר איז געווען א דרינגענדער פארלאנג פון פיל שטעט און שטעטלאך, וואו עס געפינען זיך ברענטשעס פון א. ר., אז מען זאל העכערען די צאלונגען פון פיונעראל בענעפיטס, פשוט דערפאר, וואס יענע ברענטשעס קומט אויס צוצולייגען פון דער קאס עפון ברענטש פאר אלע פיונעראלס פון מיטגלידער און מיטגלידערס קינדער. אונטער די פריערדיגע אומשטענדען האבען מיר פון אזא פארלאנג אפילו ניט געקענט טראכטען, ווייל אונזער ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאבע איז געווען אויסצוצאלען דעם גרויסען דעפיציט, אבער אזוי ווי דער דעפיציט איז איצט אויסגעצאלט און, ווי שוין פריער באמערקט, דער דעפארטמענט האט שוין זאגאר א קליי־

נעם סורפּלוס, מוזען מיר זיך רעכענען מיט דער באדייטענדער צאָל ברענטשעס, וועלכע האָבען די פאָדערונג געשטעלט, און דארום ברענגען מיר איצט די פראגע פאר אייך אלס א רעקאָמענדאציע, אז די פיונעראל בענעפיט צאָלונגען זאָלען געהעכערט ווערען אויף דעם פאָלגענדען אופן:

| | |
|---|---|
| פאר א מפּיל | $10.00 |
| פון א מפּיל ביז 1 יאָר אלט | 12.00 |
| א קינד פון 1 יאָר ביז 6 יאָר | 22.00 |
| א קינד פון 6 יאָר ביז 13 יאָר | 30.00 |
| א קינד פון 13 יאָר ביז 18 יאָר | 35.00 |
| פאר מיטגלידער און פרויען | 55.00 |

מיט איינינע יאָר צוריק איז דורכגעגאַנגען דורך א רעפערענדום א געזעץ, אז אין אלע פאלען, וואו ברענטשעס האָבען א שטענדיגען אַנדערטייקער, זאָלען די טשעקס פאר פיונעראל אויסגאבען געשיקט ווערען דירעקט צום אַנדערטייקער. אין פאלען, וואו די פריינד אָבער ווערען ניט באערדיגט אויף דעם ארבעטער־רינגס סעמעטערי, און דער ברענטש האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דער פיונעראל, ווערען די טשעקס געשיקט דירעקט צום מיטגליד אָדער פרוי פון מיטגליד, ווי דער פאל זאָל ניט זיין.

ליידער ווערט אָט דער געזעץ ניט שטרענג דורכגעפירט פון די ברענטשעס און אין א סך פאלען האָבען מיר קלאָגען פון פריינד געגען ברענטשעס פאר ניט אויסצאָלען צו צייט די געזעצליכע בענעפיטס. כדי דאָס צו פארמיידען, רעקאָמענדירען מיר, אז אלע פיונעראל בענעפיטס אין פאלען וואו ברענטשעס האָבען גאָר ניט צו טאָן מיט דעם, זאָלען געשיקט ווערען דירעקט צום באטרעפענדען פריינד, און דער ברענטש זאָל צוזאַמען מיט דעם כויטען־שיין גלייך צושיקען דעם אדרעס פון פריינד, וואו דער טשעק זאָל געשיקט ווערען.

מיר רעקאָמענדירען אויך, אז דער פינף־סענט ספּעשעל פיונעראל טעקס זאָל פאָרלויפיג בלייבען אין קראפט.

אייך איז זיכער באקאנט דער פאקט, אז מיר האָבען לעצטענס אריינגענומען א נייעם סטייט, און אָט דער סטייט, גראָד ווי אלע אנדערע סטייטס, האָבען געדארפט אויטאָמאטיש ווערען א טייל פון דעם דאָזיגען דעפּארטמענט. עס זיינען אָבער אנטשטאנען געוויסע אומשטענדען, צוליב וועלכע אָט דער סטייט האָט ניט געקענט ווערען אויטאָמאטיש פארבונדען מיט דעם דעפּארטמענט, און פאָלגליך האָבען מיר געהאט געוויסע שוועריגקייטען און פיל מי דאָס צו פארווירקליכען.

מיר האָבען געהאט א קאָנפערענץ מיט די פארטרעטער פון ברענטשעס פון יענעם סטייט, ביי וועלכען עס זיינען אנוועזענד געווען פר. וואָלאָס פון דער פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע, פר. פעלדמאן פון ניו־יאָרק סעמעטערי דעפּארטמענט און די סעקרעטערען פריינדין ר. אש, און מיר זיינען געקומען צום פארשטענדניס, אז אלע אלטע חובות, וואָס די ברענטשעס זיינען שולדיג געבליבען צום לייבאָר־ליג, זאָלען אויסגעצאָלט ווערען און די ווייטערדיגע פארהאנדלונגען זאָלען אנגיין הארמאָניש און סיסטעמאטיש.

די פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע, וועלכע קאָנטראָלירט דעם פיונעראל דעפּארטמענט, באשטייט דעם יאָר פון די פאָלגענדע פריינד: ס. וואָלאָס, בר. 75; ס. גודעלמאן, בר. 275, און דזש. קלופּט, בר. 150. דער פאָרשטייער פון דער קאָמיטע צו דער קאָנווענשאָן איז פר. דזש. קלופּט; דער פאָרשטייער פון דעם סעמעטערי דעפּארטמענט, וועלכער פארוואלטעט איבער'ן פיונעראל בענעפיט, איז פר. ל. בערמאן, טשערמאן פון סעמעטערי דעפּארטמענט.

עס איז ווירקליך זייער אנגענעם פאר אונז ניט צו קומען דעם יאָר צו אייך מיט פאָדערונגען צו געבען אונז נייע טעקסעס. מיר האָפען, אז מיט דעם צוואוקס פון א גרויסער צאָל מיטגלידער, וועלען מיר זיין אימשטאנד יעדען יאָר צו פארקלענערען די טעקסעס און פארגרעסערען די רייטס פון די בענעפיטס.

פריינדין אש גיט דאן אָפּ דעם פינאנציעלען באריכט פון די איינגאמען און אויסגאבען פון פיונעראל דעפּארטמענט. פון דעם באריכט ציינט זיך ארויס, אז דער פיונעראל דעפּארטמענט האָט דעם 1־טען יאנואר 1922 געהאט א סורפּלוס פון אריבער 14 טויזענט דאָלאר.

שליסענדיג דעם באריכט, באדאנקט פריינדין אש די דעלעגאטען, וואָס האָבען געשאָנקען אויפמערקזאמקייט צו איר באריכט און דריקט אויס די האָפענונג, אז דער פיונעראל דעפּארטמענט וועט אין דער צוקונפט ניט דארפען מאכען מער קיין ספּעציעלע טעקסעס אויף די מיטגלידער, און דער דעפּארטמענט וועט ווי אימער געפירט ווערען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט און איבערגעבענהייט פאר די אינטערעסען פון די מיגלידער פון א. ר.

פר. דזש. קלופּט, פארטרעטער פון פיונעראל דעפּארטמענט, גיט צו צום באריכט איינינע איינצעלהייטען. ער דייטעט אָן, אז די ארבעט אין אָפיס, וועלכע ווערט געפירט פון פריינדין אש, איז זייער פּינקטליך און צופרידענשטעלענד. די קאָמיטע, וועלכע קאָנטראָלירט דעם דעפּארטמענט, האָט פון צייט צו צייט נאָכגעקוקט אלע דאָקומענטען, אויף וועלכע עס ווערט אויסגעצאָלט פיונעראל בענעפיט און געפונען אלץ אין אָרדענונג.

עס ווערען געשטעלט אינטערפּעלאציעס צום באריכט, און נאָכדעם ווי אלע פראגען ווערען צופרידענשטעלענד געענטפערט, ווערט דער באריכט גוטגעהייסען און די קאָמיטע ווערט באַדאנקט פאר איר ארבעט.

א ספּעציעלער דאנק ווערט אויך אויסגעדריקט צו פריינדין אש פאר איר טריי'ער און איבערגעגעבענער ארבעט אין פיונעראל דעפּארטמענט. מיס אש ווערט פּרעזענטירט מיט א בוקעט בלומען אלס אויסדרוק פון אנערקענונג פאר איר גוטער ארבעט.

עס ווערט פאָרגענומען א דיסקוסיע וועגען די רעקאָמענדאציעס.

פר. וואָלאָס פארטיידיגט די רעקאָמענדאציע, אז א ברענטש זאָל ניט האָבען דאָס רעכט ארונטערצונעמען פון די פיונעראל קרעדיטס קיין שולדען וואָס א מיטגליד איז שולדיג צום ברענטש.

די רעקאָמענדאציע צו העכערען די פיונעראל רייטס ווערט אָנגענומען.

עס ווערט אויך באשלאָסען, אז דער 5־סענטיגער טעקס פאר פיונעראל בענעפיטס זאָל ווייטער בלייבען אין קראפט. דאָס הייסט, אז א חוץ דעם רעגעלען אסעסמענט פון 12 סענט א קווארטאל, זאָל אויך געצאָלט ווערען אן עקסטרא 5־סענטיגער טעקס, צוזאמען 17 סענט א קווארטאל.

די רעקאָמענדאציע, אז א ברענטש זאָל ניט קענען ארונטערנעמען פון די פיונעראל בענעפיטס די שולדען, וואָס א מיטגלידער קומט צום ברענטש, ווערט צוריקגעוויזען.

עס ווערען געמאכט נאָמיניישאָנס און וואל פאר א פיונעראל קאָנטראָל קאָמיטע פון 3. פאָלגענדע ווערען ערוויילט: ס. וואָלאָס, בר. 75; ע. עבעריל, בר. 346, און ס. גודעלמאן, בר. 275.

דערמיט ווערט די ספּעציעלע זיצונג פון פיונעראל דעפּארטמענט געשלאָסען.

ס. סקלאָר, י. גינזבורג, סעקרעטאַרען.

סעקרעטאַרען פון דער קאָנווענשאָן:

מ. איוועןנסקי, י. פישמאן, י. ראָבערטס.

# באַריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען זונטאָג דעם 16־טען אַפּריל, 10.30 פרי, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון דוד פינסקי 50־יעריגער יובילעאום קאָמיטע, — זיי לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דעם יובילעאום פון דוד פינסקי, וואָס וועט געפייערט ווערען אין היפּאָדראָם, זונטאָג דעם 16־טען אַפּריל. באַשלאָסען אָנצונעמען די איינלאַדונג. ערוויילט פר. י. באַסקין. זיי שיקען צו 8 באַקס טיקעטס פאַר $100. עס ווערט באַשלאָסען צו נעמען 2 באַקס טיקעטס פאַר $25.

פון בר. 142, — זיי שלאָגען פאָר, אַז די עקזעקוטיוו זאָל רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן צו באַשטימען אַ ספּעציעלען טעקס פאַר דער „האיאס“, כדי צו שאַפען די 25 טויזענט דאָלער, וואָס דער אַ. ר. האָט געזאָלט שאַפען פאַר דער אינסטיטוציע. באַשלאָסען איבערגעבען צו דער קאָנווענשאָן רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע.

פון קליוולאַנד, — פר. י. וויניצקי שרייבט, אַז ביי דער 2־טער קאָנפערענץ האָבען זיך אַ טייל דעלעגאַטען אָפּגעשפּאָלטען, אָפּגעהאַלטען אַ באַזונדערע קאָנפערענץ און ערוויילט זייערע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן.

פון פר. יודין, מיטגליד פון בר. 79, — ער דריקט אויס אַ פּראָטעסט געגען דעם באַשלוס פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע, וועלכער האָט געלויטעט, אַז אַלע דעלעגאַטען, וועלכע זיינען ערוויילט געוואָרען צו דער קאָנווענשאָן, זאָלען זיין אויך די פאַרטרעטער ביי דער 2־טער קאָנפערענץ, און וואָס אנבאַלאַנגט בר. 79, זאָלען זיין פאַרטראָטען די דעלעגאַטען, וועלכע זיינען ערוויילט געוואָרען ביי דעם לעצטען מיטינג, וועגען וועלכען די גריוועַנס קאָמיטע האָט אַרויסגעגעבען איר אַנטשיידונג.

עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען די צוויי צושריפטען נאָך דעם רעפּאָרט פון פר. גוסקין, וועלכער איז אנוועזענד געוועזען ביי דער קאָנפערענץ.

פון לאָס אנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע, — זיי שרייבען, אַז ווען ביי זיי זיינען פאָרגעקומען וואַלען פאַר דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען, זיינען אויך ערוויילט געוואָרען 3 „אַלטערנייטס“. סאיז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז יעדער פון די דריי „אַלטערנייטס“ זאָל נאָכהער זיין אַ פאַרטרעטער צו דער נ. ב. א. ד. פון זייער סטייט. נאָך יעדער זיצונג פון דער נ. ב. א. ד. זאָל דער „אַלטערנייט“, וואָס איז געוועזען ביי דער זיצונג, רעזיגנירען און דער נעקסטער זאָל פאַרטרעטען זיין פּלאַץ. ביי אַן אַלגעמיינעם מיטינג פון די אָרטיגע ברענטשעס איז באַשלאָסען געוואָרען צו ערווילען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל די פראַגע וועגען די „אַלטערנייטס“ שליכטען. די קאָמיטע האָט אַריינגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז פר. סימאָנס זאָל רעזיגנירען אַלס נ. ב. א. ד. און נייע וואַלען זאָלען שטאַטפינדען. פר. סימאָנס האָט זיך אָבער אַנטזאַגט דאָס צו טאָן: עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע קען די פראַגע וועגען „אַלטערנייטס“ ניט גענומען ווערען אין אנבאַטראַכט; אַז פר. סימאָנס איז דער געזעצליך ערוויילטער פאַרטרעטער צו דער נ. ב. א. ד. עס ווערט באַשטימט איז דעם ענטפער צו'זיי אויך אָנדייטען, אַז זיי זאָלען די פראַגע איין מאָל פאַר אַלע מאָל שליכטען, אום די אָרגאַניזאַציאָנס און אַלגעמיינע אַ. ר. טעטיגקייט זאָל דערפון ניט ליידען.

פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, — לאַדען איין די עקזעקוטיוו צו שיקען אַ פאַרטרעטער צום שול־צוזאַמענפאָר, וואָס וועט פאָרקומען אין פילאַדעלפיע פון דעם 13־טען ביז דעם 17־טען אַפּריל. ערוויילט פר. י. באַסקין און ר. גוסקין.

פון „פאָרווערטס“ יובילעאום קאָמיטע, — לאַדען איין צו שיקען צוויי פאַרטרעטער צו זייער 25־יעריגען יובילעאום באַנקעט, וואָס וועט געפייערט ווערען זונטאָג דעם 23־טען אַפּריל. ערוויילט פר. ל. דוינערשטיין און ל. ראָטהמאַן.

פון בר. 29, — דריקען אויס פולען צוטרויען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו אין באַצוג דער האַנדלונג ביי דער קאָנפערענץ, וואו עס זיינען נאָמינירט געוואָרען די דעלעגאַטען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

פון די „פרענדס און סאָוויעט ראָשא“, — זיי בעטען צו געבען זיי די אַדרעסען פון אַלע מיטגלידער פון אַ. ר., צו וועמען זיי ווילען אַרויסשיקען דעבסעס אַפּיל וועגען שטיצע פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד. עס ווערט באַשלאָסען איבערצודרוקען דעבס אַפּיל אין „פריינד“, אַרויסשיקען אַ קאָפּיע פון דעם אַפּיל צו אַלע ברענטשעס צוזאַמען מיט אַ רוף פון דער עקזעקוטיוו צו פאַרשטאַרקען די רעליף־אַרבעט פאַר די הונגער־ליידענדע אין רוסלאַנד.

פון דער „פרייהייט“, — זיי לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דעם באַנקעט, וואָס ווערט אַראַנזשירט אויף דעם 9־טען אַפּריל לכבוד דער „פרייהייט“, וועלכע האָט אָנגעפאַנגען ערשיינען דעם 2־טען אַפּריל. עס ווערט באַשטימט דעם צושריפט צו פיילען.

פון בר. 502, ברידזשפּאָרט, — זיי בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער מאַס־מיטינג, וועלכער ווערט היינט אָפּגעהאַלטען. ערוויילט פר. קרינסקי.

פון בר. 232 און 493, ניו־הייווען, — זיי דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען באַשלוס פון זייער טעריטאָריען קאָנפערענץ צו ערווילען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן ביי דער קאָנפערענץ גופא, און ניט שיקען די פראַגע צו אַ רעפערענדום. עס ווערט באַשלאָסען זיי צו ענטפערען, אַז לויט אונזער קאָנסטיטוציע האָט יעדע טעריטאָריען קאָנפערענץ אַ רעכט אַזוי צו האַנדלען.

פון פר. ה. בורגין, — ער גיט אַריין זיין שריפטליכע רעזיגנאַציע פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען זיין רעזיגנאַציע ניט אָנצונעמען.

---

פר. גוסקין באַריכטעט, אַז ער איז געוועזען פאַרטראָטען אין קענטאָן אָהייאָ, ביי דער צווייטער טעריטאָריען קאָנפערענץ פון קליוולאַנד, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ סכסוך צוליב דער וואַל פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. ער זאָגט, אַז אייגענטליך איז זיין אויפגאַבע געוועזען ניט צו שליכטען דעם סכסוך, וואָס איז פאָרגעקומען תּוספטזעכליך צוליב דעם, וואָס בר. 79 האָט ערוויילט נייע דעלעגאַטען; נאָר ער האָט געדאַרפט זען, אַז די קאָנפערענץ זאָל דורכפירען דעם באַשלוס פון דער נאַצ. גריוועַנס און נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס. ביי דעם דזשאָינט מיטינג פון די צוויי קאָמיטעס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז ביי דער צווייטער קאָנפערענץ, ביי וועלכער ער איז געוועזען פאַרטראָטען, זאָלען די ברענטשעס שיקען די זעלבע דעלעגאַטען, וועלכע זיינען געוועזען פאַרטראָטען צו דער ערשטער קאָנפערענץ, און וואָס אנבאַלאַנגט בר. 79, זאָלען צוגעלאָזט ווערען יענע קאַנדידאַטען, וועלכע די גריוועַנס קאָמיטע האָט אנערקענט אַלס געזעצליך ערוויילטע. עס איז געוועזען דער שטאַנדפּונקט פון דעם דזשאָינט מיטינג פון די צוויי קאָמיטעס, אַז קיין נייע וואַלען פאַר דעלעגאַטען צו דער צווייטער קאָנפערענץ זאָלען אין קיין ברענטש ניט געמאַכט ווערען. אָט די מיסיע האָט ער דורכגעפירט ביי דער טעריטאָריען קאָנפערענץ און צוויי דעלעגאַטען זיינען אויף אַ געזעצליכען אופן ערוויילט געוואָרען צו דער קאָנווענשאָן. פר. גוסקין דייטעט דערביי אָן, אַז אָבוואָל די ערשטע טעריטאָריען קאָנפערענץ האָט זיך אויך דערקלערט אַלס אַ דיסטריקט קאָנפערענץ און ערוויילט אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע פון „רעכטע“, האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פונדעסטוועגען באַשלאָסען, אַז די דאָזיגע דיסטריקט קאָמיטע איז ניט געזעצליך ערוויילט געוואָרען, ווייל דאָס איז בלויז געוועזען אַ טעריטאָריען, אָבער ניט קיין דיסטריקט קאָנפערענץ; אַז די אַלטע דיסטריקט קאָמיטע, אָבוואָל זי איז אַ „לינקע“, פאַרבלייבט זי אין אַמט. ער דערמאָנט דעם פאַקט, צו ציי‏גען, אַז די עקזעקוטיוו האַנדעלט אין באַצוג צו קליוולאַנד אין גאַנצען אומפּאַרטייאיש.

דער רעפּאָרט פון פר. גוסקין ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען אויסצוצאָלען פאַר הוצאות פאַר די דעלעגאַטען צו דער קליוולאַנד טעריטאָריען קאָנפערענץ, וועלכע האָבען זיך אָפיציעל געמאָלד'ען ביי דער קרעדענשעל קאָמיטע.

## קאָמיטעס

פון „האיאס“, — פר. ה. בלאָק אַפּעלירט, אַז די עקזעקוטיוו זאָל ביי דער קאָנווענשאָן זען גוטמאַכען די 25 טויזענט דאָלאַר, וואָס דער אַ. ר. האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו שאַפען פאַר דעם אַנשטאַלט. עס ווערט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער קאָנווענשאָן צו באַשטימען אַ פּריוויליגען טעקס פאַר דער „האיאס“.

פון דער אַ. ר. קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, — פר. איוואָנסקי און פעלדמאַן בעטען אין נאָמען פון זייער קערפּערשאַפט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל העלפען די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי אין דעם איצטיגען שווערען מאָמענט, אום די אונטערנעמונג זאָל ניט דאַרפען ליקווידירט ווערען: זיי פאַרלאַנגען: 1) די עקזעקוטיוו זאָל ערווילען אַ קאָמיטע פון 3 צו זייער באָרד אוו דירעקטאָרען, כדי מיר זאָלען שטענדיג זיין אינפאָרמירט וועגען זייער טעטיגקייט. 2) צו לייען זיי $3000 אויף אַ וועקסעל (נאָוט). דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט דער קאָמיטע, אַז לויט אונזערע געזעצען קען דער אַ. ר. ניט לייען קיין געלט פאַר קיין אונטערנעמונגען, ווי סימפּאַטיש אָט די אונטערנעמונגען זאָלען ניט זיין.

די אונטערזוכונגס קאָמיטע וועגען דער אַמנעסטיע באַוועגונג

פר. גורעוויטש באַריכטעט, אַז צוליב פר. בורגינס רעזיגנאַציע איז די אַרבעט פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע אונטערבראָכען געוואָרען און די קאָמיטע קען דערום צו קיין באַשלוס ניט קומען. דער טשערמאַן פאָדערט אויף, אַז די מיטגלידער פון דער דאָזיגער קאָמיטע זאָלען זען ברענגען אַ רעפּאָרט צו דער עקזעקוטיוו קאָמיטע איידער זי גייט אַרויס פון אַמט.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ ספּעשעל מיטינג דינסטאָג

אָוונט דעם 11־טען אַפּריל, אויסצוהערען דעם רעפּאָרט פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע וועגען פר. לאַנגס שייכות צו דער אַמנעסטיע באַוועגונג. עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז אין פאַל די קאָמיטע וועט ניט אַריינברענגען קיין רעפּאָרט, זאָלען זיי צושטעלען די מאַטעריאַלען, וועלכע זיי האָבען געקליבען און צוזאַמענגעשטעלט, און די עקזעקוטיוו וועט וועגען דעם האַנדלען.

---

## די צווייטע זיצונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט ערעפענט 3 אַ זייגער בייטאָג פון טשערמאַן, פר. גוסקין.

### קאָמיטעס

פון „פרענד און סאָוויעט ראַשא“, — געגנאַסע בראַמס דערקלערט, אַז זויסענדיג אונזער באַשלוס וועגען דעבסעס אַפּיל אַרויסצושיקען צו די ברענטשעס און איבערדרוקען אין „פריינד“, דענקט ער, אַז די „פרענדס און סאָוויעט ראַשא“ וועלען אויף אַזאַ אופן ניט שיקען קיין צושריפט צו די אַ. ר. ברענטשעס, אום אויסצומיידען מיספאַרשטענדניסען און רייבונגען אין די ברענטשעס אויף דעם געביט פון רוסישע רעליף־אַרבעט, שטימען זיי איין, אַז אַלע געלדער פאַר די רוסישע הונגער־ליידענדע, געקליבען דורך אַ. ר. ברענטשעס, זאָלען גיין דורך אונזער גענעראַל־אָפיס.

פון בר. 50, — וועגען א. פעלנער, וועלכער איז אין דעם צושריפט פון דער עקזעקוטיוו דערמאָנט געוואָרען, אַז ער האָט געלאָזט אָרעסטירען אַן אַרבעטער אין צייט פון סטרייק. זיי בעטען דערוויל צוריקציען די באַשולדיגונג געגען אים, נאָר אַריינברענגען אַ קלאַגע געגען אים אין ברענטש. די קאָמיטע זאָגט, אַז זיי זיינען ניט געקומען אים פאַרטיידיגען, ווייל דער ברענטש איז ניט איינשטימיג מיט זיין האַנדלונג פון צוריקציען זיך פון דער נאַמינייטשאַן קאָנפערענץ, אַזוי ווי ער איז אָבער אַ מיטגליד פון זייער ברענטש, ווילען זיי די זאַך אונטערזוכען און פעסטשטעלען.

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט, אַז די עקזעקוטיוו האָט ניט געמיינט צו טרעפען דעם ברענטש, נאָר האָט קאָנסטאַטירט דעם פאַקט וועגען פר. פעלנער, וועלכער איז געווען אַ דעלעגאַט צו דער נאָמינייטשאָן קאָנפערענץ און האָט זיך אונטערגעשריבען אויף דעם פּאַסקוויל פון די דעלעגאַטען, וועלכע האָבען זיך צוריקגעצויגען פון דער קאָנפערענץ.

פון בר. 827, — זיי בעטען צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו זייער ערשטען יערליכען יובילעאום דעם 22־טען אַפּריל. באַשלאָסען בעטען די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו אַטענדען.

פון סיגאַרען מאַכער יוניאָן, — זיי דערקלערען, אַז זיי פירען איצט אָן אַ קאַמפּיין, אַז אַלע סיגאַרען מאַכען זאָלען זיך אַנשליסען אָן דער יוניאָן. זיי בעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל אויפפאָדערען אַלע אַ. ר. מיטגלידער, סיגאַרען מאַכער, צו ווערען מיטגלידער אין דער יוניאָן. באַשלאָסען באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

פר. יעקב לעווין דערקלערט, אַז די ניו־יאָרק סיטי עדיוקיישאָנאַל און סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיסעס האָבען אָנגענומען פאָלגענדע רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאָן:

1) צו ערווילען קומענדען יאָר אַ געמיינשאַפטליכע קאָמיטע.

2) צו העכערען די צאָלונג צום עדיוקיישאָנאַל פאָנד אויף 1 סענט פער מיטגליד פער קוואָרטאַל, אַפּצואווישען דעם דעפיציט פון דעם פאָנד.

3) צו העכערען דעם שול־פאָנד אויף 2 סענט פער מיטגליד פער קוואַרטאַל.

4) צו העכערען דעם אַדמיניסטריישאָן פאָנד אויף 1 סענט פער מיטגליד פער קוואָרטאַל.

פר. גוסקין דערקלערט פר. לעווינען, אַז די רעקאָמענדאַציעס דאַרפען קומען פון די באַטרעפענדע קאָמיטעס, וועלכע פאַרוואַלטען די אויבענדערמאָנטע פאָנדס, און ניט פון די סיטי קאָמיטעס.

### ציילער קאָמיע

אַלס קאָמיטע צו ציילען די באַלאָטס פאַר די דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון די טעריטאָריען קאָנפערענצען און פון די פלעצער, וואו עס איז געשטימט געוואָרען דורך אַ רעפערענדום, ווי אויך די באַראָטס פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע, ווערען ערווילט פר. קרינסקי און ספּינראַד.

### רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. י. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו נעמען אַ רום אויפ'ן 9־טען פלאָר פאַר די מיטינגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו און די איצטיגע עקזעקוטיוו־רום זאָל צוגענומען ווערען פאַר'ן אָפיס. אויסער דעם ווילען מיר אויך קריגען אַ גרויסע סטאָק־רום אויפ'ן 4־טען פלאָר, און דאָס וועט געבען מער פלאַץ פאַר'ן גענעראַל־אָפיס.

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו באַזוכען די ברענטשעס, וועלכע זיינען געבליבען שולדיג גרויסע באַלאַנסעס צו דעם אָפיס, און ציען די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע מיטגלידער צו דעם אומנאָרמאַלען פינאַנציעלען צושטאַנד פון זייערע ברענטשעס. באַריכט פון דער אָפיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

### קאַנוועגשאַן רעפּאָרט

פר. ל. ראָטהמאַן לעזט פאָר דעם קאָנוועגשאָן רעפּאָרט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, וועלכער ווערט מיט אייניגע טעכנישע אויסבעסערונגען אָנגענומען.

### קאַנוועגשאַן רעקאַמענדיישאַן קאָמיטע

פר. ל. ראָטהמאַן לעזט פאָר די רעקאָמענדאַציעס, וועלכע די קאָנוועגשאָן רעקאָמענדיישאָן קאָמיטע שלאָגט פאָר:

(זע „פריינד“ פון מאָנאַט מאַי.)

עס ווערט באַשלאָסען צוצושיקען אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו די סטרייקענדע קוילען מיינערס, ווינשענדיג זיי ערפאָלג אין זייער קאַמף געגען די באַלעבאַטים.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. נעליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

## א פאַרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָוונט דעם 18־טען אַפּריל, 1922, מיט פר. ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

### צושריפטען

פון פר. בורגין, — ער שרייבט, אַז ער באַשטייט דורכאויס אויף זיין רעזיגנאַציע אין דער נאַצ. עקזעקוטיוו. עס ווערט נאָכאַמאָל באַשלאָסען זיין רעזיגנאַציע ניט אָנצונעמען.

פון די יונייטעד מאַין וואָרקערס, — פרעזידענט לואיס באַדאַנקט דער עקזעקוטיוו פאַר דעם אויסדרוק פון סימפּאַטיע צו די סטרייקענדע קוילען מיינערס.

### באַריכטען

פר. נעכאַמקין באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דער נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג קאָנפערענץ. פר. ישורין, סעקרעטער פון דער נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג, האָט אָפּגעגעבען אַ רעפּאָרט פון לעצטען יאָר אַרבעט, וועלכער איז בכלל געווען זייער ערפאָלגרייך. מאיר לאָנדאָן האָט באַגריסט די קאָנפ. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. גוסקין באַריכטעט, אַז פר. העסקעל און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי וולאַדעקס באַנקעט, ביי וועלכען עס זיינען אַנוועזענד געווען פאַרטרעטער פון אַלע צווייגען פון דער אַרבעטער באַוועגונג. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. א. ווײַנבערג באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דעם פעסט פון בר. 121 און האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. זיי האָבען ביי דער געלעגענהייט קאָלעקטירט אַ גרויסע סומע פאַר דער „היאס“ און אויך פאַר די רוסישע הונגער־ליידענדע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. גילמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביים יובילעאום פון בר. 54, וואָס איז געפייערט געוואָרען דורך אַ באַנקעט. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. י. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביים יובילעאום פון בר. 39 און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער אָפיס קאָמיטע, וועלכע האָט געקראָגען פון ברענטש אַ ספּעציעלע איינלאַדונג. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. י. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז די קאָנוועגשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע האָט געמאַכט אַלע נייטיגע פאָרבאַרייטונגען פאַר דער קאָנוועגשאָן.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען איינצולאַדען דעם „פאָרווערטס“ צו שיקען אַ פאַרטרעטער צו דער ערעפענונג פון דער קאָנוועגשאָן. אויך וועלען איינגעלאַדען ווערען אַלע אידישע נאַציאָנאַלע אַרבעטער־קערפערשאַפטען, מיט וועלכע דער אַ. ר. שטייט אין פריינדליכע באַציאונגען. די קאָמיטע האָט באַשטימט, אַז פר. העסקעל און געליבטער זאָלען פאָרען קיין טאָראָנטאָ מיט עטליכע טעג פריער, כדי צו זען, אַז די טאָראָנטאָ קאָנוועגשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע זאָל האָבען אַלץ אין אָרדענונג. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

### באַריכט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע

פר. קראַפּקאָ, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען אין פאַרלויף פון מאָנאַט פאַרהאַנדעלט פאָלגענדע קייסעס:

אַ מיטגליד פון בר. 387, דעטראָיט, האָט פאַרלאַנגט אַ טרענספער. ער האָט גע'טענה'ט, אַז ער דאַרף ניט צאָלען דעם חלק פון ברענטש־דעפיציט, וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, ווייל ער איז שוין אין ניו־יאָרק אַ לענגערע צייט. דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז ס'איז שוין אַ לאַנגע צייט וואָס זיי האָבען אַ גרויסען חוב צום אָפיס און זיי האָבען דערום באַשטימט אַ טעקס, וואָס יעדער מיטגליד מוז באַצאָלען. זיי אַנטזאָגען זיך דערום אים צו געבען אַ טרענספער אײדער ער וועט ניט באַצאָלען זיין טעקס. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אין באַצוג דעם פאַל פון קליוולאַנד אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנפערענץ צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן, האָט די גריוועגס קאָמיטע געהאַנדעלט, וועמעס באַשלוס איז שוין איבערגעגעבען געוואָרען פון טשערמאַן, פר. גוסקין.

אַ מיטגליד פון בר. 211 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען אים מיט $99.99 פאַר צוריקגיין אַרבעטען אין דער צייט פון דעם מילך דרייווערס סטרייק (דער באַטרעפענדער איז אַ מילך דרייווער). דער אַפּעלאַנט האָט דעם פאַקט אַליין ניט אָפּגעלייקענט. עס איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון ניו־בעדפאָרד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אַ מיטגליד בלויז מיט $25 דערפאַר, ווייל יענער האָט געאַרבעט אין דער צייט פון זייערע שטאָט־וואַלען פאַר אַ פּיוזשאָן קאַנדידאַט. די גריוועגס קאָמיטע האָט גערופען אַ ספּעשעל מיטינג פון ברענטש, געשיקט אַהין פר. העסקעל אַלס פאַרטרעטער, כדי צו באַקענען זיך מיט דעם כאַראַקטער פון דער קלאַגע. דער מיטגליד, וועלכער איז באַשטראָפט געוואָרען, האָט אַליין צוגעגעבען, אַז ער איז באַגאַנגען אַן עולה, נאָר אַזוי־ווי יענער האָט פאַרשפּראָכען, אַז אין דער צוקונפט וועט מיט אים אַזעלכעס ניט פּאַסירען, און אַזוי־ווי זיין רעקאָרד איז ביז איצט געוועזען אַ גוטער, האָט די גריוועגס קאָמיטע באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש, נאָר צוגעבען, אַז באַטרעפענדער זאָל אַ יאָר צייט ניט טאָרען האַלטען קיין אַמט.

בר. 53 האָט געענטפערט, אַז זיי ווילען ניט אויסצאָלען די לאָקאַלע בענעפיט צו פריינדין רעגינא עלקין. (וועגען דער אַנטשיידונג אויסצוצאָלען די בענעפיט האָט די גריוועגס קאָמיטע רעפּאָרטעט ביי איינעם פון די פריערדיגע מיטינגען פון דער עקזעקוטיוו.) די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו לאָזען וויסען בר. 53, אַז זיי מוזען נאָכקומען דעם באַשלוס פון דער גריוועגס קאָמיטע, אָדער אַפּעלירען צו דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרען. אין פאַל זיי וועלען ניט אויסצאָלען די לאָקאַלע בענעפיט און ניט אַפּעלירען צו דער נ. ב. א. ד., וועט די נאַצ. עקזעקוטיוו זיין געצוואונגען צו נעמען געזעצליכע שריט געגען ברענטש אַלס אַ גאַנצען.

דער באַריכט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ. ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. כאַנין באַריכטעט פאָלגענדעס:

דער לעקטשור־טור מיט פר. מ. האַלטמאַן איז ניט געוועזען קיין גרויסער ערפאָלג אין די סאַוט, ווייל אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבען צו דער זעלבער צייט אַרויסגעשיקט לעקטשורערס אין דעם זעלבען געגענט. זיין לעקטשור־טור אין די וועסט און מידל וועסט איז געוועזען אַ גאַנץ באַדייטענדער ערפאָלג. פר. האַלטמאַנס טור וועט זיך ענדיגען דעם 30־טען אַפּריל. אַלע ברענטשעס, ביי וועלכע אים איז אויסגעקומען צו רעדען, האָבען אויסגעדריקט צופרידענהייט מיט זיינע לעקטשורס.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז לעצטענס געוועזען פאַרנומען מיט צוגרייטען דעם שול־צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע, וואו עס וועט אויך זיין אַן אויסשטעלונג פון דער אַרבעט פון די קינדער אין די פאַרשידענע שולען איבער'ן לאַנד. אין דער אויסשטעלונג וועלען אויך געציינט ווערען אַלע זשורנאַלען, וואָס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אָרטיגע שולען.

רעזאָלוציעס זיינען צוגעשיקט געוואָרען צום „פריינד" וועגען ביידע קאָנפערענצען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין שיקאַגאָ צו נאָמינירען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן און וועגען די נאָמינײשאָן קאָנפערענץ. די שיקאַגאָ קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען אונטערשטיצען די „פּראָוויזיט".

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו האָבען אַ רעדאַקציאָנס אָנמערקונג, אַז די קאָנפערענץ האָט געהאַט די איינציגע אויפגאַבע צו נאָמינירען אָדער ערוויילען דעלעגאַטען, אָבער האָט זיך ניט געדאַרפט פאַרנעמען מיט אַנדערע פראַגען.

עס זיינען אויך אַריינגעקומען רעזאָלוציעס פון איניגע אַנדערע ברענטשעס אין באַצוג די נאָמינײשאָן קאָנפערענץ און ביי דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע צי די רעזאָלוציעס זאָלען געדרוקט ווערען מיט באַמערקונגען פון דער רעדאַקציע. די עקזעקוטיוו באַשליסט, אַז די סאָב־קאָמיטע, וועלכע דאַרף אָנשרייבען די דערקלערונג וועגען דער נאָמינײשאָן קאָנפערענץ, זאָל מאַכען די רעדאַקציאָנס־באַמערקונג צו די רעזאָלוציעס, ווען זיי וועלען געדרוקט ווערען אין „פריינד".

רעפּאָרט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמ. ווערט גוטגעהייסען.

וועגען פר. לאַנגס באַציאונג צו דער אַמנעסטיע באַוועגונג

פר. גוסקין, טשערמאַן, בעט פר. גורעוויטש צו באַריכטען פון דער סאָב־קאָמיטע, וואָס האָט אונטערזוכט פר. לאַנגס שייכות צו דער אַמנעסטיע באַוועגונג. פר. גורעוויטש זאָגט, אַז די קאָמיטע האָט די אַרבעט ניט פאַרענדיגט צוליב דעם וואָס פר. בורגין האָט רעזיגנירט, און ער קען דארום ניט רעפּאָרטען.

עס ווערט באַשלאָסען צו ערווילען אַ צווייטע קאָמ. פון 3, וועלכע זאָל נאָכזען די מינוטס פון דער לעצטער אונטערזוכונגס קאָמיטע, רופען צו אַ היערינג די מיטגלידער פון יענער קאָמיטע און אַרויסברענגען אַן אַנטשיידונג. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פריינדע אַשפּיז, ראָבערטס און לעוויטאַן.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז באַריכטעט, אַז דער דענטאַל קליניק אין סאַניטאַריום וועט אין גיכען איינגעפירט ווערען. אַזוי שנעל ווי מיר קריגען פון דר. גאָלדבערג, דעם דענטיסט, אַ ליסט פון די אינסטרומענטען און אַלע אַנדערע נייטיגע זאַכען, וועלען זיי געקויפט ווערען און דער קליניק וועט אָנפאַנגען צו אַרבעטען.

דער „אינסינעריטאָר", אויף צו פאַרברענגען די שמוץ, האָט ניט געאַרבעט. די קאָמפּאַניע, וועלכע האָט דעם „אינסינעריטאָר" אַריינגעשטעלט, האָט געשיקט ספּעציעל אַן אינזשעניר, וועלכער האָט אויסגעפונען, אַז דאָס איז בלויז געווען צוליב דעם וואָס דער קוימען איז געווען פאַרשטאָפּט מיט אַש. ווי עס זעט אויס, וועט דער „אינסינעריטאָר" איצט זיין אין גוטען אָרדענונג.

מיר וועלען איצט ווידער קריגען נייע מאָווינג פּיקטשורס פאַר'ן סאַניטאַריום דורך אַ קלוב, מיט וועלכען אַלע גרויסע מאָווינג פּיקטשור קאָמפּאַניעס זיינען פאַרבונדען.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען אַ מאַשין אויף צו רייניגען די בילדינגס. די מאַשין וועט קאָסטען אַרום $50—$60.

ס'איז באַשטימט געוואָרען צו אַראַנזשירען אַ פּסח־קאָנצערט פאַר די פּאַציענטען.

אין עליס איילאַנד איז פאַרהאַלטען געוואָרען אַ פאַמיליע מיט עטליכע קינדער, ווייל זייערע אַ 17־יעריגע מיידעל איז קראַנק אויף קאָנסאָמפּשאָן. די דאָזיגע מיידעל איז אַ פּלימעניצע און שוועגערין צו צוויי טעטיגע מיטגלידער פון אַ ברענטש אין ניו־הייווען. אויפ'ן פאַרלאַנג פון אָט די צוויי מיטגלידער, האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אַ צושריפט צו די אימיגראַציאָנס באַאַמטע, אַז מיר זיינען וויליג זי אַריינצונעמען אַלס פּאַציענטין אין אונזער סאַניטאַריום. די קאָמיטע האָט געמאַכט אַן אויסנאַם אין דעם פאַל, אָבוואָל מיר נעמען אַריין אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען בלויז קינדער און פרויען פון מיטגלידער. דער אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרען נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט די ספּעציעלע אומשטענדען אין דעם פאַל.

אַ געוועזענער מיטגליד פון לייבאָרליג, איצט אַ מיטגליד פון בר. 716, וועלכער איז געווען אַ פּאַציענט אין סאַניטאַריום אין 1919, איז דעמאָלס אויסגעשריבען געוואָרען צוליב דעם, וואָס ער איז געווען פאַרמישט אין דעם טומעל, וואָס די פּאַציענטען האָבען געמאַכט אין סאַניטאַריום. ער האָט איצט ווידער געמאַכט אַן אַפּליקיישאָן אַריינצוקומען אַלס פּאַציענט. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ברענגען די פראַגע צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

וועגען פאַרריכטען דעם ראָוד, איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אויב די קאַונטי וועט אונז געבען אַ שריפטליכען קאָנטראַקט, אַז מיר וועלען ניט דאַרפען ביישטייערען מער ווי $3000, וועלען מיר איינשטימען צו פאַרריכטען דעם ראָוד.

די פראַגע וועגען דעם געוועזענעם מיטגליד פון לייבאָר־ליג ווערט דעבאַטירט און עס ווערט באַשלאָסען אים ניט אַריינצונעמען אין סאַניטאַריום. דער רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

פר. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד", פרעגט אויב מען וויל, אַז אַ געוויסע צאָל נומערען „פריינד" פון מאָנאַט מאַי זאָלען געדרוקט ווערען אויף בעסער פּאַפּיר, כדי די בילדער זאָלען אַרויסקומען. ווען יאָ, וואָלט די עקסטראַ אויסגאַבע אויף דעם פּאַפּיר געדאַרפט גענומען ווערען פון דעם קאָנווענשאָן פאָנד, ווייל דער נומער איז אַ ספּעציעלער קאָנווענשאָן נומער. דער טשערמאַן דערקלערט, אַז 1500 עקזעמפּלאַרען זאָלען געדרוקט ווערען אויף בעסערען פּאַפּיר, אָבער די אויסגאַבען וועלען דאַרפען גיין פון „פריינד" פאָנד.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

די בענעפיט קאָמיטע באַריכטעט, אַז זיי באַזוכען כסדר ברענטשעס צווישען וועלכע עס זיינען פאַראַן צווייפעלהאַפטע בענעפיט פראַגען. די לעצטע עטליכע וואָכען איז די בענעפיט קאָמיטע באַזונדערס געווען פאַרנומען מיט אויפנעמען קאָמיטעס פון ברענטשעס, ווי אויך פון איינצעלנע מיטגלידער, וועלכע האָבען געהאַט אַפּילס און קלאַגעס בנוגע בענעפיט. עס טרעפט אָפט, אַז די בענעפיט פראַגען טראָגען ניט קיין ספּעציעלען כאַראַקטער, אויף וועלכע עס זאָל זיין כדאי זיך אָפּצושטעלען און איבערגעבען די איינצעלהייטען פאַר דער נאַצ. עקזעקוטיוו; אָבער דאָס זיינען אַלץ פראַגען, וואו די אויסצאָלונג פון בענעפיט איז צווייפעלהאַפט, און ס'איז דערום נייטיג אונטערצוזוכען אַלע איינצעלהייטען, צו קענען אורטיילען אויב די אָדער יענע בענעפיט דאַרף אָדער דאַרף ניט אויסגעצאָלט ווערען.

אין בר. 260 איז געוועזען אַזאַ פאַל: זייערער אַ מיטגליד איז קראַנק געוועזען אויף קאָנסאָמפּשאָן זייט 1919. דר. האַלפּערן האָט דעם באַטרעפענדען געזען עטליכע מאָל אין פאַרלויף פון יענער צייט, און ער האָט צוגעשטעלט אַ סטייטמענט צום גענעראַל־אָפיס, אַז דער באַטרעפענדער איז אַן „עדוואַנסד" טובוירקולאָר קייס, און קען ניט אַריינגענומען ווערען אין אונזער סאַניטאַריום. דער מיטגליד האָט פונדעסטוועגען ניט געוואָלט נעמען זיין קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט, דענקענדיג, אַז פּיליוכט וועט ער זיך ערהאָלען און וועט דאַן קענען אַריינ־

גענומען ווערען אַלס פּאַציענט אין סאַניטאַריום. לעצטענס איז ער אָבער געשטאָרבען און די פאַמיליע פאַרלאַנגט אַז מען זאָל פאַר איס אויסצאָלען די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט. די בענעפיט אַקמיטע האָט באַשלאָסען צו ברענגען די פראַגע צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע עס ווערט באַשלאָסען אויסצוצאָלען די קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

א פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאַג אָווענט דעם 24־טען אַפּריל מיט פר. ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## צושריפטען

פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע, — לאַדען איין צו שיקען 3 פאַרטרעטער צו דעם באַנקעט וואָס זיי אַראַנזשירען פאַר דער ערעפע־נונג פון דעם קאַמפּיין צו שאַפען פאַר רוסלאַנד געציייג. ערוויילט פר. ל. ראָטהמאַן, מאָלאָט און נעכאמקין.

פון בר. 703, וואוסטער, — דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען דער באָסטאָנער טעריטאָריען קאָנפערענץ, וועלכע האָט ניט צוגעלאָזען זייער דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ. זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זען אין דער צוקונפט זאָל אַזעלכעס ניט פאָרקומען. באַשלאָסען איבערצוגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון בר. 55, — זיי רעקאָמענדירען אויפצונעמען דעם רוף פון דעם אידישען קאָמיסאַריאַט פון רוסלאַנד וועגען אָנפאַנגען אַ באַוועגונג צו שטיצען די רוסישע דעלעגאַציע ביי דער גענוא קאָנפערענץ, אין דער אויפפאָדערונג, אַז די עליוס זאָלען פאָדערען שאַדענערזאַץ פאַר די פּאָגראָמען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אויף אידען. באַשלאָסען זיך דורכצורעדען וועגען דער פראַגע מיט פאַרטרעטער פון אַנדערע נאַציאָנאַלע אידישע קערפּערשאַפטען.

פון פר. בורגין, — ער שרייבט נאָכאַמאָל, אַז ער באַשטייט דערויף אַז זיין רעזיגנאַציע זאָל אָנגענומען ווערען. עס ווערט באַשלאָסען צו טייבלען דעם צושריפט.

## באַריכט פון דער ציילער קאָמיטע

פר. קרינסקי באַריכטעט, אַז פר. ספּינראַד און ער האָבען געציילט די באַלאָטס פאַר די קאָנטרי דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. בלויז אין פאָלגענדע פּלעצער איז דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג נאָך ניט ענטגילטיג.

אין אָמאהא האָבען ביידע קאַנדידאַטען געקראָגען די זעלבע צאָל שטימען. נאָכקוקענדיג די ליסטע פון די ברענטשעס און דיסטריקט קאָמיטעס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז איין ברענטש האָט ניט צוגעשיקט דעם רעזולטאַט פון רעפערענדום. טעלעגראַמעס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען פון דעם ברענטש, ווי אויך צו דער דיסטריקט קאָמיטע, אַז זיי זאָלען אויסגעפינען וויפיל שטימען עס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען אין יענעם ברענטש. דערווייל האָט איינער פון די קאַנדידאַטען זיך צוריקגעצויגען און אויף אַזאַ אופן איז דער איינציגער, וועלכער איז געבליבען אין פעלד דער ערוויילטער דעלעגאַט.

אין דער פּיטסבורג טעריטאָריע איז אַן אונטערשיד וועגען איין דעלעגאַט. לויט דער אָפּשטימונג, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרען אויף די אַלגעמיינע באַלאָטס, איז ערוויילט געוואָרען פר. טוויג, אָבער לויט די אינדיווידועלע באַלאָטס פון די איינצעלנע ברענטשעס, צייגט זיך אַרויס, אַז פר. אַרקין איז דער צווייטער ערוויילטער דעלעגאַט פון יענער טעריטאָריע. די פּיטסבורג דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע האָלט קאָפּיעס פון די אינדיווידועלע באַלאָטס, האָט אויך דאָס זעלבע באַשטעטיגט. דער אָפיס האָט וועגען דעם געמאַכט אָנפראַגען ביי די ברענטשעס, וועמעס אינדיווידועלע באַלאָטס שטימען ניט מיט די אַלגעמיינע באַלאָטס, און זיי האָבען געענטפערט, אַז די אינדיווידועלע באַלאָטס זיינען קאָרעקט. עס ווערט באַשלאָסען צו נעמען אין אָנבאַטראַכט די אינדיווידועלע באַלאָטס און דערקלערען פר. אַרקין אַלס דעם געזעצליך ערוויילטען צווייטען דעלעגאַט פון דער טעריטאָריע.

דער רעפּאָרט פון דער ציילער קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## וועגען דער אַמנעסטיע באַוועגונג

פר. אַשפּיז דערקלערט, אַז די קאָמיטע, באַשטייענד פון פר. לעוויטאַן, ראָבערטס און איס, האָט דורכגעפירט די אינסטרוקציעס פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, האָבען אונטערזוכט דעם מאַטעריאַל, וואָס איז צוזאַמענגעקליבען געוואָרען פון דער ערשטער אונטערזוכונגס קאָמיטע. זיי האָבען ביי אַ הירינג געהאַט אַלע דריי מיטגלידער פון דער ערשטער קאָמיטע און זיינען געקומען צום פאָלגענדען איינשטימיגען באַשלוס, וועלכען ער לעזט פאָר:

„מיר, די קאָמיטע, וואָס איז ערוויילט געוואָרען אונטערצוזוכען די פאַרבינדונג פון פר. ה. לאַנג מיט דער „סענטראַל לייבאָר באַדיס אַמנעסטיע באַוועגונג“, האָט געהאַט 3 זיצונגען. ביי דער ערשטער זיצונג, שבת דעם 15־טען אַפּריל, 192, האָבען מיר איבערגעלייענט די פּראָטאָקאָלען פון אַנטהאַלטען די עדות־זאָגונג פון די אַלע פערזאָנען, וואָס די פריגע קאָמיטע, באַשטייענד פון די פריינד דר. מ. גורעוויטש, ה. בורגין און א. ליעסין, האָט פאַררופען. ביי דער צווייטער זיצונג האָבען די דריי אויבענדערמאָנטע מיטגלידער פון דער ערשטער אונטערזוכונגס קאָמיטע פאַר אונז איבערגעגעבען זייערע איינדרוקען פון דער אונטערזוכונג. מיר האָבען אויך אויסגעהערט פר. לאַנג. פון דעם אַלעם שטעלען מיר פעסט דאָס פאָלגענדע:

1) די אונטערזוכונג, וואָס די ערשטע קאָמיטע האָט אָנגעפירט, איז געמאַכט געוואָרען אין דער אבוועזענהייט פון פר. לאַנג. די אַלע עדות, וואָס האָבען געמאַכט סטייטמענטס, פאַר אָדער געגען, האָט פר. לאַנג ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיי צו קראָס־עקזאַמינירען און שטעלען פראַגען, און מיר דענקען, אַז זאָגאָר איצט ווייסט ער נאָך אַלץ ניט דעם אינהאַלט פון די סטייטמענטס פון מאַנכע עדות.

2) קיינער פון די עדות געגען ה. לאַנג, אָבוואָל זיי האָבען עדות־געזאָגט אין זיין אָפּוועזענהייט, האָבען, לויט די פּראָטאָקאָלען, ניט געבראַכט קיין פאַקטען צו באַשטעטיגען דאָס, וואָס זיי האָבען געזאָגט. זייער עדות־זאָגען, ווי מיר האָבען דאָס געלעזען אין די פּראָטאָקאָלען, האָט נאָך אונזער מיינונג געטראָגען דעם כאַראַקטער, אַז אַזוי דענקען זיי (די עדות).

3) ווי ווייט מיר האָבען געקאָנט אַרויסנעמען פון די סטייטמענטס פון מלך עפּשטיין און הלל ראָגאָף, די שטאַרקסטע עדות פאַר דער אָנקלאַגע, האָבען זיי געזוכט צו באַשולדיגען ה. לאַנגען אין:

א) אַז ער האָט אָרגאַניזירט און אויסגעהאַלטען און כסדר „געבומט“ אַ געבלאָפטע אַמנעסטיע באַוועגונג.

2) אַז געלט־סומען זיינען פאַרשווענדט געוואָרען אויף פּאַרשוידענע אומנייטיגע רייזעס, און אַלס באַווייז האָבען זיי אָנגעגעבען דעם פאַקט, וואָס לוסי ראָבינס איז געפאָרען קיין דענווער צו אַדרעסירען די קאָנווענשאָן פון דער אַמ. פעד. אוו לייבאָר, ווערענד דאָס איז נאָך זייער מיינונג ניט געווען נייטיג, ווייל ה. לאַנה איז געווען דאָרט און האָט עס אַליין געקענט טאָן.

ג) אַז לאַנג האָט אונטערדריקט די פאַרשידענע אַנדערע אַמנעסטיע באַוועגונגען, אונטערדריקט זייערע באַריכטען און זיך אַנטזאָגט צו געבען זיי וועלכע עס איז פּובליסיטי.

מיר האָבען אויסגעפונען פון אונזער אונטערזוכונג, אַז עס איז פאַלש די באַהויפּטונג, אַז די „סענטראַל לייבאָר באַדיס אַמנעסטיע באַוועגונג“ איז געווען אַ געבלאָפטע באַוועגונג פון צוויי פּערזאָנען. אין אָט דער באַוועגונג זיינען פאָראינטערעסירט געווען די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, די אינטערנעשאָנאַל לידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, די צוויי דעמאָלט עקזיסטירענדע צענטראַלע יוניאָן קערפּערשאַפטען פון ניו־יאָרק און פון ברוקלין און אויך פיל אַנדערע נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע יוניאָנס איבער׳ן גאַנצען לאַנד. אָט די קערפּערשאַפטען האָבען געהאַט פאַרטרעטער אין דער „סענטראַל לייבאָר באַדיס אַמנעסטיע באַוועגונג“, מאַקס פּיין איז געווען דער אָפיציעלער פינאַנס סעקרעטער פון דער אַמנעסטיע קערפּערשאַפט, און סאָליוואַן, פון די ברוערי וואָרקערס, איז געווען טרעזשורער.

פר. לאַנג האָט אונז צוגעשטעלט אַ פינאַנס רעפּאָרט פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס די דאָזיגע קערפּערשאַפט האָט פונקציאָנירט. דער רעפּאָרט ווערט איצט געדרוקט אין אַ בוך־פאָרם און וועט פאַנאַנדערגעשיקט ווערען צו יוניאָנס און קערפּערשאַפטען, וואָס זיינען געווען פאָראינטערעסירט און האָבען געשטיצט די דאָזיגע באַוועגונג. דער רעפּאָרט ציינט, אַז די פינאַנסען זיינען דריי מאָל אונטערזוכט געוואָרען פון דעם אודיטער פון דער „אינטערנעשאָנאַל“, ניימען ב. וואולף, וועלכער איז רעקאָמענדירט געוואָרען אַלס אודיטאָר פון א. באַראָף, דזשענ. סעקרעטער פון דער „אינטערנעשאָנאַל“.

די מיטגלידער פון דער ערשטער אונטערזוכונגס קאָמיטע האָבען דערקלערט, אַז זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז די אַרבעט פון מיס לוסי ראָבינס איז געווען זייער אַ וויכטיגע און אַז זי האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער אַמנעסטיע באַוועגונג. ספּעציעל האָט פר. בורגין אונטערשטראָכען, אַז לעזענדיג דעם רעפּאָרט פון דער אַמ. פעד. אוו לייבאָר קאָנווענשאָן אין דענווער און דעם קאָנגרעשאָנאַל רעקאָרד פון די אַמנעסטיע הירינגס, איז ער איבערראַשט געוואָרען פון די גרויסע אַרבעט, וואָס מיר ראָבינס האָט אויפגעטאָן, הגם די אַרבעט איז, לויט זיין מיינונג, ניט געפירט געוואָרען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון קלאַסענקאַמף.

פון דעם אַלעם האָבען מיר אַרויסגענומען, אַז די באַוועגונג איז געווען אַ וויכטיגע און האָט זייער פיל אַרבעט אויפגעטאָן, און אַז מיס ראָבינס איז געווען די, וועלכע האָט די אַרבעט געטאָן. זי באַזיצט פאָלאָקם די ענגלישע שפּראַך, קאָן זיך מיט פיל וויכטיגע טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און האָט געהאַט אַ צוטריט אין די הויכע קרייזען, וואו קיין אַנדערער קען ניט צוקומען. עס איז דערום געווען וויכטיג; אַז זי זאָל אומעטום פאָרען רעדען און אַגיטירען.

עס איז, נאָך מיין מיינונג, ניט אין דער יוריסדיקציע פון אונזער קאָמיטע אונטערצוזוכען די ביכער פון דער „סענטראַל לייבאָר באַדיס אַמנעסטיע באַוועגונג“. פאַר אונז איז גענוג צופרידענשטעלענד דער פאַקט, אַז עס איז געווען אַ פינאַנס קאָמיטע באַשטייענד פון מ. פיינשטיין, ע. באָהם, און פּ. באָלטאָן, וואָס האָבען דורכגעקוקט אַלע בילס און אַן אודיטאָר האָט אויך די ביכער אונטערזוכט.

וואָס אָנבאַלאַנגט די באַשולדיגונג, אַז ה. לאַנג האָט אונטערדריקט די אַנדערע אַמנעסטיע באַוועגונגען, האָט די פריגע קאָמיטע זעלבסט דערקלערט, אַז פעסטגעשטעלט איז דער פאַקט ניט געוואָרען. אָבער

מיר דענקען, אַז מיר האָבען איבערהויפּט ניט קיין רעכט צו משפּט'ען לאַנגס באַציאונגען אַלס לייבאָר עדיטאָר פון „פאָרווערטס" צו די אַנדערע אַמנעסטיע קערפּערשאַפטען. מיר האָבען אַלס אונזער אויפ־גאַבע געהאַט צו אונטערזוכען בלויז לאַנגס שייכות צו דער „סענטראַל לייבאָר באַדים אַמנעסטיע קערפּערשאַפט", געגען וועלכערס טעטיגקייט די באַשולדיגונגען אין דער פּרעסע זיינען געמאַכט געוואָרען.

אלס רעזולטאַט פון אונזער אונטערזוכונג, קענען מיר באַריכטען, אַז מיר רעקאָמענדירען דאָס פר. ה. לאַנג זאָל ערענהאַפט ריינגעוואַשען ווערען פון אַלע באַשולדיגונגען געגען אים און זיין שייכות צו דער סענטראַל לייבאָר באַדים באַוועגונג.

## י. ראבערטס, ב. לעוויטאן, מ. אשפיז:

פר. ראבערטס לעזט פאָר די מינוטס פון דער זיצונג פון דער צווייטער אונטערזוכונגס קאָמיטע, וואו עס זיינען אנוועזענד געוועזן פר. ליעסין, בורגין און גורעוויטש. נאָכדעם ווי אַט דער רעפּאָרט ווערט דיסקוטירט און פר. ליעסין און לאַנג גיבען צו נאָך איינצעל־הייטען וועגען דער פראַגע, ווערט באַשלאָסען דעם רעפּאָרט פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע אָנצונעמען.

עס ווערט באַשטימט איבערצוגעבען אין דער פרעסע דעם רעפּאָרט ווי ער איז צוגעשטעלט געוואָרען פון דער אונטערזוכונגס קאָמיטע בנוגע דער פראַגע.

## קאמיטע

פון לעצטען אַ. ר. שול־צוזאַמענפאָר, — פר. משה לעווינסאָן בעט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל באַוויליגען אַ פראַטוירנאל דעלעגאַט פון דעם שול־צוזאַמענפאָר צו דער אַלגעמיינער אַ. ר. קאָנווענשאָן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין טאָראָנטאָ. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

## אפּיס קאמיטע רעפּארט

פר. ראָזענבלאַט, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, דערקלערט, אַז אין דעם רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע, וואָס איז דעם מאָנאַט אָפּגעגעבען געוואָרען, זיינען דורכגעלאָזען געוואָרען פאָלגענדע פּונקטען:

די „פּריוויוט" האָט געבעטען די אַדרעסען פון אונזערע בּרענ־טשעס. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ברענגען די פראַגע צו דער עקזעקוטיוו.

וועגען די טויטען־בענעפיט קייסעס, וואָס געפינען זיך ביים „איוליען פּראָפּערטי קאָסטאָדיען", האָט די אָפּיס קאָמיטע זיך גע־שטעלט אין פאַרבינדונג מיט איינעם, וועלכער איז באַקאַנט מיט די גע־זעצען פון „איוליען פּראָפּערטי קאָסטאָדיען", און יענער פאַרשפּרעכט אַרויסצוקריגען אַ גרויסע טייל פון די געלדער צוריק צום אַ. ר.

מיט 16 שטימען געגען 3 ווערט באַשלאָסען ניט צו באַוויליגען פאַר דער „פּריוויוט" די אַדרעסען, ווייל די קאָנווענשאָן דאַרף פריער האַנדלען צי די „פּריוויוט" זאָל אינדאָרסירט ווערען.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען געהאַנדעלט וועגען דער פראַגע פון פר. זאַלצמאַן אין פאַר־לוימדען עפענטליך די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע. די אָרגאַני־זאַציאָנס קאָמיטע האָט אויסגעהערט אַלע טענות, ווי אויך די טענות פון פר. זאַלצמאַן, און באַשלאָסען צו געפינען אים שולדיג אין דער קלאַגע, וואָס איז געגען אים געמאַכט געוואָרען. ווען עס וואָלט גע־ווען אין מיטען טערמין, וואָלט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע גע־נומען אַ שטעלונג און באַשטימט אַ געוויסע שטראָף פאַר דער האַנד־לונג. נעמענדיג אָבער אין אָנבאַטראַכט, אַז עס איז בלויז עטליכע טעג פאַר דער קאָנווענשאָן, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו וועט אין גיכען אַרויס פון אַמט, האָט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען צו גע־פינען אים שולדיג.

פר. זאַלצמאַן קריגט דאָס וואָרט. ער זאָגט, אַז ער פילט זיך גאָר ניט שולדיג געגען אַ. ר.; אַז ער איז פאַלשטענדיג איבערצייגט, אַז ער האָט געהאַנדעלט אין די אינטערעסען פון אַ. ר. און ער האָט דעם אַ. ר. ניט פאַרראַטען און ניט פאַרלוימדעט; אַז ער האָט אויך ניט פאַרלוימדעט די נאַצ. עקזעקוטיוו. ער לייקענט, אַז ער האָט ביי דער קאָנפערענץ געזאָגט, אַז ער טרויט ניט פר. באַסקין צו ציילען די שטימען. ער זאָגט, אַז ער האָט גערעדט געגען מאַנכע פירער פון אַ. ר., אָבער ניט געגען דער עקזעקוטיוו און ניט געגען אַ. ר. אַלס גאַנצען. ער זאָגט, אַז ער וועט דער באַשלוס פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט אָנגענומען ווערען, און אויב אַפילו די נאַצ. עקזעקוטיוו וועט באַשטימען פאַר אים אַן אַנדער שטראָף, דערקלערט ער, אַז ער וועט געגען דער אַנטשיידונג אַפּעלירען צו דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין באַצוג דער פראַגע געגען פר. זאַלצמאַן ווערט ברייט דעבאַטירט. פאַר'ן באַשלוס פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערען אָפּגעגעבען 14 שטימען געגען איין שטימע.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פּ. נעליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

## קארעקשאן

אינ'ם רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע פון מאָנאַט יאַנואַר (זע „פריינד" פאַר מערץ־אַפּריל 1922) לעזט זיך, אַז ס'איז באַוויליגט געוואָרען $100.00, אַז פר. סיימאָנס, נ. ב. און דירעקטאָר, פון קאַ־ליפאָרניע, זאָל פאָרען באַזוכען די בּרענטשעס פון זיין סטייט; אַז די סומע איז באַוויליגט געוואָרען אויף דעם פאַרלאַנג פון דער דאָר־טיגער דיסט. קאָמ. עס דאַרף זיך לעזען, אַז די סומע איז באַוויליגט געוואָרען אויף דעם באַשלוס פון דער נאַצ. אָרג. קאָמ. מיט דער פאַר־שטענדניס, אַז די $100.00 זאָלען ניט אַרונטערגערעכענט ווערען פון בודזשעט פון דער קאַליפאָרניע דיסט. קאָמיטע.

---

**דער לעצטער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פאַר'ן יאָר 1921-1922 ווערט אָפּגעהאַלטען מיטוואָך אָוונט, דעם 24־טען מאַי, מיט פר. ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.**

צום פּראָטאָקאָל פון לעצטען מאָנאַט ווערט געמאַכט פאָלגענדע קאָרעקשאָן:

ס'איז דורכגעלאָזען געוואָרען, אַז. פר. גילמאַן און בלאָק האָבען באַריכטעט, אַז זיי זיינען אנוועזענד געוועזן ביי דער ערעפענונג פון לייבאָר־לייסעאום פון בעיאָן, ווי אויך ביי זייער באַנקעט, און האָבען זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער עקזעקוטיוו.

## באריכטען

פר. דינערשטיין באַריכטעט, אַז פר. ל. ראָטהמאַן און ער זיינען געוועזן ביי דעם „פאָרווערטס" יובילעאום באַנקעט, וואו עס זיינען אנוועזענד געוועזן פאַרטרעטער פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. דער באַנקעט האָט געצייגט, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג איז נאָך ניט צעבראָכען, נאָר פאַראייניגט.

פר. דינערשטיין דערקלערט, אַז ביים באַנקעט פון דער פּיפּעלס רעליף וועגען דרייוו פאַר געצייג אין רוסלאַנד, האָט ער גערעדט אַ פּאָר ווערטער און געזאָגט, אַז דער אַ. ר. וועט זיכער העלפען אין דעם וויכטיגען געצייג־קאָמפּיין. זיין באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. קרינסקי באַריכטעט, אַז ער איז געוועזן פאַרטראָטען ביי בר. 102, ברידזשפּאָרט. ער איז געקומען צו זייער מיטינג אַביסעל שפּעט, ווייל ער האָט ניט געוואוסט גענוי ווען די אונטערנעמונג וועט אָפּ־געהאַלטען ווערען. ער האָט זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּארט פון דער ארגאניזאציאנס קאמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז ער וועט זיך איצט ניט אָפּשטעלען אויף איינצעלהייטען פון דער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַר'ן לעצטען מאָנאַט. ער וויל בלויז איבערגעבען איניגע וויכטיגע באַשלוסען.

ער דערקלערט, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען פאַנאַנדערטיילען די 10 טויזענט לאַבען ברויט פאַר די וועבער סטרייקער. זיי גלויבען, אַז ס'איז ניט נייטיג צו שיקען אַ פאַרטרעטער אין באָסטאָן און אין ראָוד איילענד וועגען דער אַנ־געלעגנהייט און זיי האָבען באַשלאָסען איבערצולאָזען די פראַגע צו דער נייער עקזעקוטיוו. ער דייטעט אָן, אַז ס'איז באַשלאָסען גע־וואָרען צו אָרדערען דאָס ברויט פון די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט.

ער דערקלערט אויך, וועגען די אידישע רעליף פאַר רוסלאַנד איז ביי זיי אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע, צי די פּראָדוקטען זאָלען געקויפט ווערען דאָ און זאָלען געשיקט ווערען צום אידישען קאָמי־סאַריאַט אין רוסלאַנד. לעצטענס האָט דער אָפּיס דערהאַלטען אַ בריף פון דעם ניו־יאָרקער אָפּיס פון „אידגעסקאָם", וועלכער לעזט זיך טיילווייז ווי פאָלגט:

„לויט טעלעגראַפישע ידיעות, וואָס איך האָב באַקומען פון פּרע־זידיום פון „אידגעזקאָם" אין מאָסקווע, נייטיגען זיך קינדער־אַנ־שטאַלטען איצט אין פאָלגענדע פּראָדוקטען:

## ווייסע מעל, פעטס, צוקער און מילך.

לויט די אָנווייזונגען פון פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערליכען האַנדעל, ראַט דער פּרעזידיום פון אידישען געזעלשאַפטליכען קאָמי־טעט איינצוקויפען די דאָזיגע פּראָדוקטען אין אַמעריקע, וואו זיי זיינען ביליגער ווי איבעראַל.

פאַר די 5 טויזענט דאָלאַר, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרען דורך אייך אויף הילף פאַר קינדער־אַנשטאַלטען, וואָלט איך אייך בעטען דערפאַר אַזוי גיך ווי נאָר מעגליך לאָזען איינקויפען, דאָ אין אַמע־ריקע, די אויבען־אָנגעגעבענע פּראָדוקטען אין דער אָנגעגעבענער פּראָ־פּאָרציע, און זיי אויך אַזוי גיך ווי מעגליך לאָזען פאַרלאָדען קיין רוסלאַנד.

כדי צו האָבען די פּראָדוקטען וואָס גיכער אויף אַן אָרט, וואו מען נייטיגט זיך אין זיי איצט זייער, וואָלט איך אייך פון מיין זייט ראַטען קויפען ביי דער „אַרא" (אַמעריקאַן רעליף אַסאָסיאיישאָן)

אַן אַנווייזונג אויף די דערמאָנטע פּראָדוקטען אין סכום פון $6000, מיט אַלרוסלענדערשען אידישען געזעלשאַפטליכען קאָמיטעט".

דער רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

פר. גוסקין דערקלערט די אַרבעט פון דער פריערדיגער עקזעקוטיוו אַלס געענדיגט און גיט איבער צו פר. ראָבערטס, וויִס-טשערמאַן, צו אינסטאַלירען די ניי-ערוויילטע עקזעקוטיוו.

פר. ראָבערטס זאָגט צווישען אַנדערעס, אַז די פריערדיגע נאַצ. עקזעקוטיוו האָט אין איר אַדמיניסטראַציע געהאַט אַ יאָר פון שווערער און פאַראַנטוואָרטליכער אַרבעט; אַז אויסער דעם קריזיס, האָבען זיי געהאַט שטערונגען פון געוויסע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט אַלס ציל צו דיסקרעדיטירען די נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַ. ר. די עקזעקוטיוו קאָמיטע פון לעצטען יאָר איז אָבער געגאַנגען מיט זיכערע שריט אויף יעדען געביט פון איר טעטיגקייט. ער זאָגט, אַז אויב לעצט'ן יאָר, ווען די סיטואַציע איז בלויז געווען אַן אַנפאַנג, אַז די אַרבעט פון דער עקזעקוטיוו געווען שווער און פאַראַנטוואָרטליך, וועט היינטיגען יאָר די טעטיגקייט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו זיין פאַרבונדען מיט נאָך מער פאַראַנטוואָרטליכקייטען. די ניי־ערוויילטע עקזעקוטיוו קאָמיטע וועט דאַרפען קוקען מיט אָפענע אויגען אויף דער לאַגע, וואָס איז געשאַפען געוואָרען, און זי וועט זיכער פאַרבייגיין אומגעשטערט פאַר'ן אַ. ר., די אַלע שוועריגקייטען, וועלכע זיינען לעצטענס געשאַפען געוואָרען.

ער שטעלט דאַן פאָר פר. באַסקין, גענעראַל-סעקרעטער, איבערצוגעבען פאָרמעל דעם אַמט צו דעם ניי-ערוויילטען טשערמאַן.

פר. באַסקין האַלט אַ קורצע און וואַרימע רעדע, און ער זאָגט צווישען אַנדערעס: „די נייע עקזעקוטיוו וועט האָבען די גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט ניט בלויז צו פאַרוואַלטען די געשעפטען פון אונזער מעכטיגער אָרגאַניזאַציע, נאָר זי וועט אויך דאַרפען זען, אַז אירע באַשלוסען און האַנדלונגען זאָלען זיין אַזעלכע, וואָס די געגנער פון דער פאַרוואַלטונג זאָלען ניט קענען שלעכט אויסטייטשען. איך בין זיכער, אַז די נייע פאַרוואַלטער, פיל פון וועלכע זיינען ערפאַרענע טוער פון אַ. ר., וועלען פירען די שיף פון אונזער אָרגאַניזאַציע אין די זיכערע וואַסערען, איבער וועלכע זי איז געשוואומען די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ." ער דערקלערט דאַן די נייע עקזעקוטיוו אָפיציעל אַלס אינסטאַלירט און גיט איבער דעם אַמט צו פר. גוסקין, דעם ניי־ערוויילטען טשערמאַן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו.

פר. גוסקין, איבערנעמענדיג דעם אַמט פון טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו פון אַ. ר. פאַר'ן יאָר 1922-1923, האַלט אַ רעדע, אין וועלכער ער רופט די נייע עקזעקוטיוו צו אַקטיוויטעט. ער זאָגט צווישען אַנדערעס: „די בעסטע וואָפע צו באַקעמפען די געגנער פון דער פאַרוואַלטונג איז קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. אויב די נייע עקזעקוטיוו וועט זיין אַקטיוו, וועט אַרויסצייגען אינטערעס אויף די וויכטיגע געביטען פון געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, וועט בכלל זיין אַ טעטיגע קאָמיטע, וועלכע מען וועט אַפילו קענען קריטיקירען פאַר איר אַרבעט, וועט דאָס אַליין שאַפען דעם נייטיגען פּרעסטיזש דער פאַרוואַלטונג. איך בין זיכער, אַז די עקזעקוטיוו וועט ניט געבען קיין מעגליכקייט די געגנער צו איגנאָרירען די פאַרוואַלטונג. מיר מוזען דעם יאָר זיין טעטיג, זאָל מען אונז קריטיקירען איידער איגנאָרירען."

קורצע רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען פון פאָלגענדע מיטגלידער פון דער פריערדיגער עקזעקוטיוו קאָמיטע: ראָזענבלאַט, העסקעל, קרינסקי, ביילין, פרידמאַן, שפּינראַד, נעכאַמקין און א. ווייִנבערג.

## באַשלוס וועגען רעליף

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די רעליף־אַרבעט זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע זאָל שיקען אַ פאַרטרעטער וועגען איינשטעלען די 10 טויזענט לאַבען ברויט צו די וועבער סטרייקער.

## צושריפטען

פון בר. 559, קליוולאַנד, — דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען דער גרופּע „לינקע" אין אַ. ר., וועלכע פאַררופען אַ פּראָטעסט קאָנווענשאָן.

פון בר. 6, — זיי דערקלערען, אַז ביי זייער מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון בר. 55, — אַ רעזאָלוציע, אַז זייער ברענטש האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די אַרבעט און באַשלוסען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון בר. 386, — זיי שיקען צו אַ רעזאָלוציע, אַז דער אַ. ר. זאָל אויפפאָדערען פון דער פּיפּעלס רעליף צו באַשליסען, אַז די געצייג פאַר רוסלאַנד וועט געשיקט ווערען דורכ'ן „אידגעזקאָם", און אויב די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע וועט זיך אַנטזאַגען אַזאַ באַשלוס צו פאַסען, זאָל דער אַ. ר. אין דעם געצייג־קאַמפּיין זיך ניט באַטייליגען.

פון בר. 558, — דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען די צוויי רעזאָלוציעס וועגען רוסלאַנד און דער וואָרקערס פּאַרטי, וואָס זיינען געפּאַסט געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון אַ גרופּע מיטגלידער אין באָסטאָן, — דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען די צוויי רעזאָלוציעס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

עס ווערט באַשלאָסען די אַלע רעזאָלוציעס צו פיילען.

פון בר. 50, — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער קומענדען מיטינג. ער וויילט פר. גוסקין און ל. ראָטהמאַן.

פון פּראָווידענס דיסטריקט קאָמיטע, — זיי בעטען, אַז ביים איינשטעלען די 10 טויזענט לאַבען ברויט, זאָל גענומען ווערען אין אַנבאַטראַכט זייער קאָמיטע, וועלכע טוט אַ סך אַרבעט פאַר די וועבער סטרייקער.

עס ווערט באַשלאָסען איבערגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון ה. סאַנדלער, מעמבער פון לאָרדוש, פון נאָרפאָלק, ווא., — ער האָט אַפּעלירט פאַר שטיצע צו דער קאָנווענשאָן, וועלכע האָט דאָס איבערגעגעבען צו דער נייער פאַרוואַלטונג. באַשלאָסען האַנדלען וועגען דעם צושריפט ביים קומענדען מיטינג.

פון מרס. ר. קלימענקאָ, — זי לאָזט וויסען, אַז די מצבה פאַר דר. קלימענקאָ וועט אויפגעדעקט ווערען דינסטאָג ביי טאָג, דעם 30-טען מאַי. פר. ראָבערטס און קאָהען ווערען ערוויילט צו זיין דאָרט פאַרטראָטען.

פון בית ישראל האָספּיטאַל, — באַדאַנקען פאַר די 800, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען.

פון מאונט סיניי האָספּיטאַל, — דאַנקען פאַר די $300, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען.

פון סט. דזשאָזעף האָספּיטאַל, — באַדאַנקען פאַר די $200, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען.

פון מאָנטעפיאָר האָום, — באַדאַנקען פאַר די $500, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען.

פון אַמעריקאַנעם אידישען קאָנגרעס, — זיי האָבען געבעטען, אַז אונזערע דעלעגאַטען זאָלען זיין פאַרטראָטען ביי דעם קאָנגרעס, וואָס איז ערעפענט געוואָרען דעם 31־טען מאַי. פר. געליבטער דערקלערט, אַז ער האָט זיי געענטפערט, אַז די נייע פאַרוואַלטונג גייט ערשט אַריין אין אַמט דעם 24-טען מאַי, און פאָלגליך קען מען וועגען דעם ניט האַנדלען.

פון בר. 132, לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 15-יערליכען יערליכען יובילאעום אויף זונטאָג דעם 28-טען מאַי. ערוויילט פר. ראבערטס.

פון בר. 239, — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער 9-טען יובילעאום. ערוויילט פר. בלאַק און קאָהען.

## קאָמיטעס

פון „אָרט", — דר. סינגאַלאָווסקי בעט, אַז די $5000, וואָס זיינען באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן זאָלען צו זיי איבערגעגעבען ווערען אַזוי שנעל ווי מעגליך. ער בעט אויך צו העלפען זיי אין דער אַרבעט פון אָנפירען אַגיטאַציע צווישען די ברענטשעס. באַשלאָסען דאָס איבערגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון ברענטשעס 49, 206 און 367, — שיקען צו פּראָכטפולע בוקעטען בלומען און זייערע פאַרטרעטער דריקען אויס פולען צוטרוי צו דער נייער פאַרוואַלטונג, ווינשענדיג איר ערפאָלג אין דער אַרבעט. די פאַרטרעטער פון בר. 367 גיבען אויך איבער, אַז זייער ברענטש האָט באַשלאָסען צו פּרעזענטירען דעם סאַניטאַריום מיט אַ וויקטראָלאַ פאָנאָגראַף.

פר. פּאָטאָווסקי, אַסיסטענט סעקרעטער פון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס, דערקלערט, אַז זייער קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען אָנצופירען אַ קאַמפּיין צו שאַפען אַ מיליאָן דאָלאַר פאָנד צו העלפען רוסלאַנד אין דער רעקאָנסטרוקציאָנס־אַרבעט; אַז זיי וואָלטען וועלען, אַז דער אַ. ר. זאָל זיך אין דער אַרבעט באַטייליגען. ער דייטעט אָן, אַז סידני הילמאַן, פּרעזידענט פון אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס, איז וויליג צו קומען צו אַ מיטינג פון דער עקזעקוטיוו פון אַ. ר. איבערצוגעבען איינצעלהייטען וועגען דעם פּלאַן. עס ווערט באַשלאָסען איינצולאַדען גענאָסע הילמאַן צום נעקסטען מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער קומענדער מיטינג פון דער עקזעקוטיוו זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 11-טען יוני.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

# ערשטער מיטינג פון די פאַראייניגטע אַ. ר. בּאָרען אַרום ניו-יאָרק

דעם 7-טען מאַי איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער ערשטער גרינדונגס-מיטינג פון די דריי אַ. ר. באָרען אין ניו-יאָרק, נוואַרק און פּעטערסאָן.

עס זיינען אָנגענומען געוואָרען די פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

1) צו אַרבעטען פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון אַרבעטער און פאָלקס-לידער צווישען דער אידישער אַרבעטערשאַפט. פאַר דעם צוועק זאָל אָרגאַניזירט ווערען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זיך אָפּגעבען מיט דער שאַפונג און אַרויסגעבונג פון אַזעלכע לידער פאַר אַלע באָרען, כדי ד יאַרבעטער זאָלען זינגען איינע און די זעלבע לידער.

2) צו פאַראייניגען אַזוי שנעל ווי נאָר מעגליך אַלע אַ. ר. באָרען, וואָס געפינען זיך אַרום ניו-יאָרק, אין איין ריזיגען כאָר, וואָס זאָל

איינשטודירען דעם זעלבען רעפּערטואַר און קענען ביי וויכטיגע געלעגענהייטען אַרויסטרעטען צוזאַמען. דאָס וועט זיין אַ גרויסע געשעניש ניט נאָר פאַר׳ן אַ. ר. אַליין, נאָר פאַר דער אַלגעמיינער אידישער אַרבעטערשאַפט.

נאָך די דעבאַטען האָט יעדער כאָר געזונגען זאַכען פון זיין רעפּערטואַר און דער מיטינג האָט זיך געשלאָסען מיט אַן אַלגעמיינעם הילכיגען געזאַנג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

ל. שולמאַן, סעק.

# דאָס קינד און דאָס הויז

(שלוס פון זייט 10)

זיי פאַר געלונגענע אילוסטראַציעס פאַר דער נייטיגקייט פון ראַציאָנאַלער ערציאונג.

אין דעם קאַפּיטעל „סעקסועלע אַנטוויקלונג“ פון קינד ווייזט דער מחבר אָן אויף די שרעקליכע רעזולטאַטען, צו וועלכע עס פירט אונזער עם־הארצות בנוגע דעם געשלעכט־לעבען און אויף די נאָך ערגערע רעזולטאַטען, צו וועלכע אונזערע קינדער ווערען געפירט. דער מחבר פאַרטיידיגט זייער שטאַרק די באַוועגונג פאַר סעקסועלע ערציאונג און גיט אונז אַ צאָל ביישפּילען פון געשפּרעכען, וואָס עלטערן קענען, לויט זיין מיינונג, פירען מיט די קינדער וועגען אַזעלכע קינדער־פראַגען, ווי: פון וואַנען בין איך געקומען? וואו בין איך די גאַנצע צייט געלעגען? א. אַז. וו.

דאָס לעצטע קאַפּיטעל גיט זיך אָפּ מיט היגיעניש׳ע פראַגעס און דער מחבר, וואָס איז אַליין אַ דאָקטאָר, גיט דאָ די עלטערן פּראַקטישע עצות וועגען שפּייז, לופט, קליידער, אָפּעראַציעס, מילה, קושען, א.אַז.וו.

אַרום און אַרום איז דאָס בוך ניש׳קשה׳דיג אויף אַזוי ווייט ווי עס וועט סטימולירען אינטעליגענטע עלטערן זיך צו פאַרטראַכטען איבער דעם פּראָבלעם פון דער קינדער־ערציאונג. מער ווי סטימולירען קען ניט דאָס בוך, ווייל אַלצדינג ווערט דאָ געוואַלטיג קורץ באַהאַנדעלט. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז מסתמא געווען אומפאַרמיידליך ווען דער מחבר האָט געוואָלט איינשליסען אין איין בוך אַזויפיל פּראָבלעמען. ביי אַ געהעריגער רעדאַקציע, אָבער, וואָלטען אַ סך איבערגע׳חזר׳טע ענינים געקענט אויסגעלאָזען ווערען און אויף זייער אָרט ברייטער און אויספירליכער באַהאַנדלען אַזעלכע וויכטיגע פראַגעס ווי סעקסועלע ערציאונג, שטראָף און באַלוינונג און אַנדערע; אַזוי ווי עס איז, ווערען וויכטיגע פּראָבלעמען געגעבען אויפ׳ן שפּיץ מעסער. די, וואָס קענען ענגליש, קענען לייכט געפינען ברייטערע און אויספירליכערע אָפּהאַנדלונגען.

אַזוי צ. ב. זאָגט זיך דער מחבר לייכט און קורץ אָפּ דעם געדאַנק, אַז מ׳דאַרף קינדער ניט צווינגען צו באַנוצען די רעכטע האַנט אין די מערסטע פאַלען. גיכער, זאָגט ער, דאַרף מען ערלויבען די „פּריוויט“ פון ביידע הענט. דער מחבר האָט דאָ פאַרגעסען דעם פאַקט, אַז אַלין ווערט היינטיגע צייטען צוגעגרייט פאַר „רעכט־האַנטיגע“ מענטשען, מאַשינען, געצייג, און אַז אַ געוויסער מאָס ערפאָלג אין אָפּהענגיג אין דער באַנוצונג פון די דאָזיגע מאַשינען.

שטראָפען קינדער איז, לויט זיין מיינונג, שטענדיג שעדליך; דאָס איז אָבער מער ניט ווי אַ פאַרפלאַכונג און אפשר אַ פאַרוואולגאַריזירונג פון דעם געדאַנק, אַז שטראָף לשם שטראָפען איז שעדליך, אָבער שטראָף וואָס ברענגט אַרויס אַ בעסערען אָפּרוף און אַ טיפערען אינטערעס איז ניצליך. ס׳ווענדט זיך בלויז ד ו אָ ס די שטראָף איז און ו ו י זי ווערט אָדורכגעפירט. אַזוי לאַנג ווי מענטשען וועלען לעבען צוזאַמען, וועלען זיי מוזען רעגולירען זייערע אינטערעסען און באַציאונגען און באַשטראָפען די, וואָס זינדיגען עובר די רעגולאַציעס. קינדער זיינען מענטשען מיט אינטערעסען און זיי נייטיגען זיך פונקט אַזוי אין רעגולאַציע, אין שטראָף, אַמאָל דורך אַ שמועס, דורך אַ בליק, און אין געוויסע מאָמענטען אַגן לעבען דורך פיזישער רעגולאַציע, ווי דערוואַקסענע. דער מחבר וואָלט דאָס גאַנץ לייכט צוגעגעבען, אָבער פאַר אים שטייען שטענדיג די ווערטער „ראַציאָנאַלע ערציאונג“ און ער האַלט זיך צוריק אויס מורא.

מיט איין מאַך מיט דער האַנט חזר׳ט דער מחבר איבער דעם געדאַנק, וואָס איז לעצטענס אַזוי פּאָפּולער געוואָרען, אַז די סעקסועלע באַפרידיגונג איז דער הויפּט מאָטיוו אין אַלע אונזערע האַנדלונגען (ז. 205). נישט נאָר איז אַזאַ געדאַנק ערציעריש שעדליך צוליב מעגליכע שאַרלאַטאַנישע אויסטייטשונגען, נאָר ער לייקענט מיר־ניט־דיר־ניט אָפּ אַזעלכע הויפּט־מאָטיוועז, ווי: עקאָנאָמישע אויפהאַלטונג, סאָציאַלער צוזאַמענלעבען, און אַנדערע, וואָס שפּילען אויך ערשטע פידלען אין אונזערע האַנדלונגען. בכלל ווערט אונזער לעבען ניט אָנגעטריבען פון איין באַשטימטען מאָטיוו, נאָר פון אַ סך מאָטיוועז, און ס׳איז זייער שווער צו זאָגען וועלכע פון זיי שטייען אויפ׳ן סדר פון וויכטיגקייט נומער איינס און וועלכע נומער צוויי. און אַ חוץ דעם איז די אויפגאַבע פון ערציאונג נישט בלויז נאָכצוגיין די נאַטור, נאָר אַ סך מאָל אַוועקגיין פון איר, זיך שטעלען העכער. די דאָזיגע אויפגאַבע האָט דער מחבר נישט אין זין געהאַט און צוליב דעם זיינען אין בוך אַריין עטליכע „פונדאַמענטאַלע טעות׳ן“ וועגען דער קינדער־ערציאונג, וואָס יעדער ערציער האָט געדאַרפט אויסמיידען, באַזונדערס דאַן, ווען פאַר אים ליגט אָפּען אַ רייך פעלד פון אינפאָרמאַציעס און געלונגענע שטודיעס מצד פאַכמענטשען.

# רעפערענדום באַלאָט

## פון דער 22טען יערליכער קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג

### די פּרינציפּען־ערקלערונג, אָנגענומען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן

די מאָדערנע אינדוסטריעלע אומשטענדען זיינען מערסטענטייל די אורזאַכען פון קראַנקהייט און אומגליקס־צופאַלען צווישען דעם אַרבעטער־קלאַס. די אַרבעטער נייטיגען זיך, דעריבער, ניט נאָר אין מאַטעריעלער שטיצע אין אַזאַ צייט, נאָר אויך אין מאָראַלער הילף און פריינדשאַפט פון זייערע פריינד. אָט די נויטווענדיגקייט האָט געבראַכט צו דערגרינדונג פון דעם אַרבעטער־רינג.

די וואַקסענדע צאָל אַרבעטער, סיי די וועלכע אַרבעטען פיזיש, סיי די וועלכע אַרבעטען מיט׳ן מאַרך, הייבען אָן צו פאַרשטיין, אַז דורך פאַראייניגטע כחות, דורך אָרגאַניזאַציע און קאָאָפּעראַציע, איז מעגליך צו פאַרלייכטערען און פאַרמיידען אַ סך פון די ליידען וואָס פאַלען אויס אויפ׳ן גורל פון די אַרבעטער און זייערע פאַמיליעס אין דער צייט פון קראַנקהייט.

דער אַרבעטער־רינג איז איבערצייגט, אַז אָרימקייט, קראַנקהייט און נויט צווישען די אַרבעטער זיינען דער רעזולטאַט פון די איבלען פון אונזער עקאָנאָמישער סיסטעם. געגענזייטיגע הילף אַליין וועט ניט אָפּשאַפען די אורזאַכען פון די נויטען פון די אַרבעטער. אַלס מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג שטרעבען מיר דארום צו דער פאָלשטענדיגער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

פאַר דעם צוועק באַטראַכט זיך דער אַרבעטער־רינג אַלס אַ טייל פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, ער שטרעבט צו העלפען די אַרבעטער אין זייער פאַרזוך אויפצוהייבען זייער סטאַנדאַרד פון לעבען דורך פאַרגרעסערען זייער פאַרדינסט, דורך פאַרקירצען די אַרבעטס־שטונדען און פאַרשטאַרקען זייער איינפלוס אויפ׳ן אינדוסטריעלען און פּאָליטישען געביט.

פון דעם שטאַנדפּונקט, דאַרף יעדער מיטגליד פון אַרבעטער־רינג באַלאַנגען צו דער יוניאָן פון זיין פאַך, און ווען ער וויל אויסנוצען זיין בירגער־רעכט אין צייט פון אירגענד וועלכע וואַלען, איז ער פאַרפליכטעט צו שטיצען די פּאַרטייען, וואָס שטעלען אַרויס אין זייער פּראָגראַם די איינפירונג פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער פרייהייט.

פאַר    געגען

### אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד

1) זאָל דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד געהעכערט ווערען.
פאַר    געגען

2) דער אַסעסמענט פאַר׳ן אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 4 אויף 6 סענט אַ קוואָרטאַל.
פאַר    געגען

דער אַסעסמענט פאַר׳ן אָרגאַניזאַציאָנס־פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 4 אויף 8 סענט אַ קוואָרטאַל.
פאַר    געגען

3) דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זאָל געגעבען ווערען דאָס רעכט אַריינצונעמען אין אַרבעטער־רינג מיטגלידער, וועלכע גייען אַריין מיט זייערע סאָסייעטיס, ווען די צאָל איז 500 מיטגלידער און העכער, אין גרעסערע שטעט, און 300 מיטגלידער אין קלענערע שטעט, זאָלען צאָלען זייערע אַסעסמענטס צום מאַרטשוערי פאָנד, לויט די יאָרען אין וועלכע זיי זיינען אַריין אַלס מיטגלידער אין זייערע סאָסייעטיס. דער אונטערשייד פון די צאָלונגען זאָל געדעקט ווערען פון די פאָנדס פון דער סאָסייעטי.
פאַר    געגען

### וועגען עדיוקיישאָנאַל אַרבעט

#### שול־טעקס

דער אַרבעטער־רינג שול־טעקס זאָל געהעכערט ווערען מיט איין סענט פער קוואָרטאַל.
פאַר    געגען

#### „פריינד“

זאָל דער „פריינד“ ערשיינען יעדען מאָנאַט.    פאַר    געגען

זאָל דער „פריינד“ ערשיינען איין מאָל אין 3 מאָנאַטען.
פאַר    געגען

### וועגען פאַרוואַלטונג

1) די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל האָבען דאָס רעכט צו פאָדערען פון די בראַנטשעס זייערע ביכער צום אונטערזוכען, און אויך קענען אָננעמען געזעצליכע מיטלען, ווען דער בראַנטש אַנטזאַגט זיך נאָכצוקומען די פאָדערונג פון דער עקזעקוטיוו קאָם.    פאַר    געגען

2) אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג אין די נאַציאָנאַלע קאָמיטעען פון אַרבעטער־רינג זאָל ניט טאָרען זיין אין דער זעלבער צייט קיין פינאַנס־סעקרעטער אָדער טרעזשורער אין אַן אַרבעטער־רינג ברענטש.
פאַר געגען

3) די רייזען־קאָסטען פון די מיטגלידער פון דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרס זאָלען אין גאַנצען גערעקט ווערען פון דזשענעראַל אָפיס.
פאַר געגען

4) אַ סומע פון $300 יערליך זאָל אַסיגנירט ווערען פאַר רייזע־קאָסטען פון די דירעקטאָרען, אָפּצוגעבען באַריכטען אין ווייטערע שטעט פון זייערע סטייטס און אויך טאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט.
פאַר געגען

5) דער 1 פּראָצענט אינטערעסט־געלט פון נ׳יע מיטגלידער, וואָס וועט אַריינקומען פון דעם ערשטען אָקטאָבער 1922 ביז דעם ערשטען אָקטאָבער 1925, זאָל גיין אויף צו דעקען דעם דעפיציט אין אַדמיניסטריישאָן פאָנד, און אין פאַל עס וועט בלייבען אַן איבערפלוס, זאָל דערמיט גערעקט ווערען די דעפיציטען פון די אַנדערע פאָנדס.
פאַר געגען

## וועגען סאַניטאַריום

די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל האָבען דאָס רעכט אַריינצונעמען אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען עלטערן פון מיטגלידער, אויך שוועסטער און ברידער, און קינדער פון מיטגלידער אין עלטער פון 16 ביז 22 יאָר.
פאַר געגען

## אַלד אידזש האָום

1) אַ ספּעציעלער פאָנד פאַר אַן אַלד אוידזש האָום זאָל עטאַבלירט ווערען.
פאַר געגען

2) אַ פינף־סענטיגער טעקס זאָל געצאָלט ווערען פּער קוואָרטאל פון אַלע קלאַסען מיטגלידער.
פאַר געגען

3) די צאָלונגען זאָלען זיך אָנהייבען גלייך ווי דער רעפערענדום וועט געשלאָסען ווערען.
פאַר געגען

## קאָנווענשאָן

1) די נעקסטע קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין יאָר 1924 מיט אַ פאַרטרעטערשאַפט פון 1 דעלעגאַט פון יעדע 500 מיטגלידער.
פאַר געגען

2) די נעקסטע קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1925, מיט אַ פאַרטרעטערשאַפט פון 1 דעלעגאַט פון יעדען ברענטש, און צו 1 דעלעגאַט פון יעדע 100.
פאַר געגען

אויב עס ווערט באַשלאָסען, אַז די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל זיין אין 1924, בלייבט עס די רעכט פון יענער קאָנווענשאָן צו באַשטימען ווען די נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל געהאַלטען ווערען, און אויך די פאַרטרעטערשאַפט.

3) אויב אַ קליינע קאָנווענשאָן אין יאָר 1924, זאָל זי אָפּגעהאַלטען ווערען אין:
קליוולאַנד — — — — — — — — פאַר געגען
פילאַדעלפיע — — — — — — — — פאַר געגען

8) אין דער צייט, ווען עס וועט ניט אָפּגעהאַלטען ווערען קיין רעגעלע קאָנווענשאָן, זאָל אַ קאָנווענשאָן געהאַלטען ווערען פון פאַרטרעטער פון סטייטס, צו ראַטיפיצירען די ערוועהלטע עקזעקוטיווו (לויט דער אָפּשטימונג פון רעפערענדום).

מיגלידער פון דער נאַציאָנאַלער באָרד אוו דירעקטאָרס קענען זיין דעלעגאַטען צו אַט דער קאָנווענשאָן.
פאַר געגען

## ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע

1) אַרטיקעל 3, פּאַראַגראַף 1, זאָל געענדערט ווערען. דער זאַץ, וועלכער לעזט זיך:
„קאַנדידאַטען פון 38 ביז 40 יאָר אַלט מוזען צושטעלען גענוי באַווייזען א. אַז. וו.״
זאָל זיך לעזען:
„קאַנדידאַטען פון 43 ביז 45 יאָר אַלט מוזען צושטעלען גענוי באַווייזען, אַז זיי זיינען ניט עלטער ווי אָנגעגעבען, א. אַז. וו.״
פאַר געגען

2) אויסשטרייכען פון דער קאָנסטיטוציע דעם 22־טען פּאַראַגראַף פון אַרטיקעל 3, וועלכער לעזט זיך:
„די אַפּליקיישאָן פון אַ קאַנדידאַט, וועלכער איז צוריקגעוויזען געוואָרען פון דאָקטאָר, מוז פון ברענטש געשיקט ווערען אין דזשענעראַל אָפיס ניט שפּעטער ווי 10 טעג נאָך דער עקזאַמינאַציע.״
פאַר געגען

3) צו אַרט. 11 זאָל צוגעשטעלט ווערען פאָלגענדער פּאַראַגראַף:
„ווען אַ מיטגליד אָדער אַ ברענטש האָט אַן אַפּיל אָדער קלאַגע צו אַ מעמבער עט לאַרדזש, דאַרף דער אַפּיל אָדער די קלאַגע אַריינגעבראַכט ווערען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועמעס אַנטשיידונג איז בינדענד.״ פאַר געגען

4) אַרטיקעל 13, פּאַראַגראַף 10, וועלכער לעזט זיך:
„נאָך דיזע 6 וואָכען ביז אַ יאָר קען אַ מיטגליד ווערען ריאינסטייטעט, א. אַז. וו.״
פאַר געגען

4) אַרטיקעל 13, פּאַראַגראַף 11, זאָל אויך געענדערט ווערען אין דיזען זין און זאָל זיך לעזען:
„נאָך דעם יאָר קען אַ געשטראָכענער מיטגליד אַריינגענומען ווערען אין אַרבעטער־רינג. א. אַז, וו.״
פאַר געגען

## אַלגעמיינע ביישטייערונגען צו אַרבעטער און ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס

| | | | |
|---|---|---|---|
| „בונד״ — — — — — — | $1000.00 | פאַר | געגען |
| רענד סקול — — — — — | $1000.00 | פאַר | געגען |
| „קאָל״ — — — — — — | $1000.00 | פאַר | געגען |
| סאָציאַליסטישע פּאַרטיי: | | | |
| נאַציאָנאַלע הויז — — | $1000.00 | פאַר | געגען |
| „פריע אַרבייטער שטימע״ — | $300.00 | פאַר | געגען |
| לאָס אנדזשעלעס סאַניטאַריום | $1000.00 | פאַר | געגען |
| לאָס אנדזשעלעס רעליף — — | $1500.00 | פאַר | געגען |
| דענווער סאַניטאַריום — — | $500.00 | פאַר | געגען |
| דענווער רעליף — — — — | $500.00 | פאַר | געגען |
| עקס פּיישענטס האָום אוו | | | |
| דענווער — — — — — | $500.00 | פאַר | געגען |
| אַמנעסטיע באַוועגונגען — — | $1000.00 | פאַר | געגען |
| האָספּיטעלער — — — — — — | $5000.00 | פאַר | געגען |
| „האיאס״ — — — — — — — | $3000.00 | פאַר | געגען |
| „מעסענדזשער״ — — — — | $250.00 | פאַר | געגען |
| נאַטשוראַליזיישאָן אייד ליג — | $300.00 | פאַר | געגען |
| „סאַקאָ־וואַנזעטי דעפענס״ — | $100.00 | פאַר | געגען |
| פערער סקול — — — — — — | $50.00 | פאַר | געגען |
| שיקאַגאָ סיגאַרען מייקער | | | |
| סטרייקערס — — — — | $50.00 | פאַר | געגען |
| קראָפּאָטקין ליטעראַטור | | | |
| געזעלשאַפט — — — — | $50.00 | פאַר | געגען |

## ביישטייערונגען צו די אינסטיטוציעס פון טאָראָנטאָ

| | | | |
|---|---|---|---|
| עזרת נשים האָספּיטאַל — — | $200.00 | פאַר | געגען |
| פאָלקס פאַראיין — — — — | $200.00 | פאַר | געגען |
| היברו טשאַריטיס — — — — — | $50.00 | פאַר | געגען |
| משב זקנים — — — — — — | $50.00 | פאַר | געגען |
| 2 אַרבעטער־רינג שולען — — | $200.00 | פאַר | געגען |
| אַרבעטער־רינג ביבליאָטעק — | $50.00 | פאַר | געגען |
| קינדער כאָר — — — — — — | $50.00 | פאַר | געגען |
| אַרבעטער־רינג מוזיק בענד — | $100.00 | פאַר | געגען |
| היברו אימיג. אייד סאָסייעטי | $100.00 | פאַר | געגען |
| האַמילטאָן שול — — — — | $100.00 | פאַר | געגען |
| לייבאָר ליסעאום — — — — | $300.00 | פאַר | געגען |
| אַרבעטער־רינג הייזער — — | $300.00 | פאַר | געגען |
| קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמ. | $150.00 | פאַר | געגען |

דיזער רעפערענדום ווערט געשלאָסען דעם 24־טען יולי, 1922. באַלאָטס וואָס וועלען אַריינקומען אין אָפיס נאָך דער צייט וועלען ניט געציילט ווערען.

סעקרעטאַרען פון דער קאָנווענשאָן:
מ. איוועינסקי, י. פישמאַן, י. ראָבערטס.

---

# בריף־קאַסטען

ל. מאַלערמאַן: פּולייכט שפּעטער. איצט איז עס נאָך צו פרי. זומער־צייט זיינען די ברענטש־מיטינגען שוואַך באַזוכט.

אַ מעמבער פון א. ר.: דר. יוסף טענענבוימס אַדרעס איז: 29 איסט 77־טע סט., ניו־יאָרק.

ק. מ. שטיין: דאָסזעלבע.

פ. קאָוואַל: אַנטשולדיגט, ווערטער פריינד, פאַר אונזערע אפּשר צו האַרבע ווערטער, אָבער דאָס איז דער ריינער אמת. איר האָט אַ רעכט צו שרייבען אַזעלכע לידער, אָבער זיי זיינען בשום אופן ניט דרוקבאַר.

ב. ש—ן, ניו־יאָרק: עס וועט ניט געדרוקט ווערען.

ל. ניישטיין, סעק סאַוטהערן קאָנפ.: מיר באַדויערען וואָס אייער באַריכט האָט ניט געקענט אַריין צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ אין מאַי נומער. איצט איז עס שוין לחלוטין שפּעט צו דרוקען. וואָלט אייער באַריכט ניט געווען אַזוי לאַנג און וואָלט ניט געטראָגען קיין פּראָטאָקאָל־כאַראַקטער, וואָלט ער נאָך אפשר געקענט אַריינגיין אין דעם מאַי נומער.

צ. גאָלדשטיין: די קאָרעספּאָנדענץ איז צו לאַנג און ניט אינטערעסאַנט. רעכענט איר, אַז אימיצער וועט אַ סך קליגער ווערען דערפון וואָס מ׳וועט וויסען ווער עס איז געווען טשערמאַן און ווער סעקרעטאַר?

איפּסעל דזשוניאָר: דער אויפרוף וועט אַריין אין קומענדיגען נומער.

# דער אַרב. רינג שול צוזאַמענפאָר

## אָפּגעהאַלטען אין פילאַדעלפיע

דער דריטער אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָר איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיע פון דעם 14-טען ביז דעם 17-טען אַפּריל. עס האָבען זיך אין איהם באַטייליגט 68 דעלעגאַטען, לערער און שול-טוער פון פאַרשידענע שטעט פון די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע. דער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעהערט באַריכטען פון די נאַציאָנאַלע באַאַמטע, אויסגעהערט אַ רייע רעפעראַטען איבער וויכטיגע שול-פראַגען און האָט צווישען אַנדערעס אָנגענומען פאָלגענדע באַשלוסען:

### 1) צייט פון לערנען

1) דער צוזאַמענפאָר שטרייכט ווידער אונטער, אַז דער עלטער, פון וועלכען קינדער זאָלען אָנגענומען ווערען אין אונזערע שולען, זאָל זיין ניט נידעריגער פון 7 יאָר.

2) אַזוי אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אין משך פון 4 לערן-יאָרען קאָנען קינדער, וואָס קומען אָן אין אונזערע שולען צו 7 יאָר, ניט דורכגיין די פּראָגראַם, וואָס איז אָנגעמערקט פאַר די עלעמענטאַרע שולען, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר צו פאַרלענגערען דעם קורס פון דער עלעמענטאַרער שול אויף אַ יאָר, דאָס הייסט ביז 5.

### 2) פּראָגראַם

דער צוזאַמענפאָר געפינט, אַז עס איז אומבאַדינגט נייטיג צו רעווידירען די פּראָגראַם פון די אַ. ר. שולען און צוגרייטען מאַטעריאַל פאַר אַ נייעם פּראָגראַם-ביכעל.

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די נאַצ. שול-קאָמיסיע צו באַשטימען ספּעציעלע קאָמיסיעס, וועלכע זאָלען צוגרייטען די מאַטעריאַלען פאַר אַ פּראָגראַם, און צושטעלען די מאַטעריאַלען צום קומענדיגען צוזאַמענפאָר. די נאַצ. שול-קאָמיסיע ווערט אויפגעפאָדערט צוצוציען צו דער אַרבעט אויך די לערער פון אַנדערע שטעט, אויסער ניו-יאָרק.

### 3) געשיכטע

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די נאַצ. שול-קאָמיסיע זי זאָל אויף'ן גרונד פון פאַרשידענע פּראָיעקטען פון פּראָגראַמען וועגען געשיכטע צוזאַמענשטעלען אַ פּראָיעקט פון געשיכטע פאַר געשיכטליכע לעגענדעס פאַר אונזערע שולען און פאַרעפענטליכען אַזוי שנעל ווי מעגליך.

### 4) מיטעל-שול

דער צוזאַמענפאָר אנערקענט, אַז די ערעפענונג פון דער ערשטער אַ. ר. מיטעל-שול אין ניו-יאָרק איז אַ גרויסער טריט אויפ'ן וועג פון אַנטוויקלען אונזערע קינדער און צוגרייטען זיי אַלס צוקונפטיגע אידישע אינטעליגענטע אַרבעטער-טוער אויף דער אידישער גאַס.

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די נאַצ. שול-קאָמיסיע, זי זאָל העלפען עפענען אַזעלכע מיטעל-שולען אויך אין אַנדערע גרעסערע צענטרען, וואו עס וועט זיין אַ גרעסערע צאָל קינדער פאַר אַזאַ מיטעל-שול.

דער צוזאַמענפאָר בעט דעם בילדונגס-קאָמיטעט צו העלפען די דאָזיגע מיטעל-שולען מיט אַ באַדייטענדער סובסידיע. דער צוזאַמענפאָר געפינט אויס, אַז אין די פּלעצער, וואו עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט צו עפענען אַ מיטעל-שול, זאָל געגעבען ווערען אַ מעגליכקייט די קינדער, וואָס ענדיגען די עלעמענטאַרע שול, פאָרטצוזעצען זייער לערנען אין ספּעציעלע העכערע קלאַסען. דער נאַציאָנאַלער שול-קאָמיטעט ווערט איבערגעגעבען אויסצואַרבעטען די פּראָגראַם פון דער מיטעל-שול פאַר'ן נעקסטען יאָר.

### 5) לערער-קורסען און לערער-אַרבעט

כדי פאַרצובנייטען וואָס פאַסיגערע לערער פאַר די אַ. ר. שולען, סיי פאַר די וואָס זיינען שוין אָפען, סיי פאַר די וואָס האַלטען זיך אין עפענען, רעקאָמענדירט דער צוזאַמענפאָר, דער בילדונגס-קאָמיטעט זאָל אויך אויף ווייטער אָנהאַלטען די אַ. ר. לערער-קורסען.

דער צוזאַמענפאָר דענקט, אַז דער קורס אויף צוצוגרייטען לערער וואָלט באַדאַרפט זיין אַ 2-יעריגער, כדי די קורסאַנטען זאָלען האָבען מער צייט סיי צו לערנען אַליין, סיי צו פּראַקטיצירען אין שולען, איידער זיי קענען באַקומען די מעגליכקייט צו ווערען לערער אין אונזערע שולען.

דער צוזאַמענפאָר דענקט אויך, אַז עס וואָלט געווען ווינשענסווערט דעם נעקסטען יאָר צו האָבען אין ניו-יאָרק אַ ספּעציעלען העכערען קורס פאַר די פון די צוהערער פון די איצטיגע אַ. ר. לערער-קורסען, וואָס וועלען דעם קורס וועלען אויפנעמען, ווי אויך פאַר די לערער אין די שולען אין ניו-יאָרק און אומגעגענט, וואָס וועלען זיך וועלען פאַרפאָלקאָמענען אין געוויסע געגענשטאַנדען.

6) דער צוזאַמענפאָר באַשטימט אויך אויפצופאָדערען יעדען לערער פון אַן אַ. ר. שול צוצוגרייטען אין משך פון יאָר איין וועלכע עס איז אַרבעט אויף וועלכען עס איז געביט פון אונזער שול-אַרבעט, סיי פון מעטאָדיק, סיי פון פּראָגראַם, א. ד. ג. — און צושטעלען די אַרבעט דורך דער נאַצ. שול-קאָמיסיע צום פאַקולטעט פון די אַ. ר. לערער-קורסען. די גוטע אַרבעטען זאָלען געדרוקט ווערען אין דער „ערציאונג".

די נאַצ. שול-קאָמיסיע זאָל, אויב מעגליך, איינאָרדענען קאָרעספּאָנדענץ קורסען פון די זעלבע געגענשטאַנדען, וואָס ווערען דורכגענומען אויף די אַ. ר. לערער-קורסען, פאַר די לערער אונזערע פון דער פּראָווינץ, וואָס וועלען זיך באַנוצען מיט זיי.

### 7) אָרטאָגראַפיע

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די לערער אין די שולען אָפּצוהיטען דעם באַשלוס פון דעם 2-טען צוזאַמענפאָר וועגען נאָכפאָלגען אין גאַנצען די באַשלוסען פון דער ניו-יאָרקער אָרטאָגראַפישער קאָמיסיע, און איינפירען די נייע אָרטאָגראַפיע אין די שולען.

### 8) קאַטאַלאָג

כדי צו העלפען אונזערע קינדער אויסצוקלייבען זיך בעסערע ענגלישע ביכער צום לייענען און העלפען זיי אויסמיידען די פאַרשידענע שונד-ביכער און אַנדערע אומגעווינשטע ביכער און ענגליש, וועלכע זיי לעזען איצט אין אַ גרויסער מאָס, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר אויפצופאָדערען די לערער מיט געמיינשאַפטליכע אָנשטרענגונגען צו שאַפען אַ קאַטאַלאָג פון ענגלישע ביכער, וואָס מען זאָל די קינדער קאָנען רעקאָמענדירען.

כדי דאָס דורכצופירען, זאָל די נאַצ. שול-קאָמיסיע האָבען דאָס רעכט אויפצופאָדערען יעדען לערער דורכצולייענען אַ געוויסע צאָל ביכער, וועלכע וועלען זיי אָנגעוויזען ווערען, און צושטעלען אַ גענויען באַריכט וועגען זיי צו דער נאַצ. שול-קאָמיסיע.

### 9) לערער-זשורנאַל

1) דער צוזאַמענפאָר באַשליסט, אַז דער זשורנאַל „ערציאונג", פון וועלכען דער ערשטער נומער איז שוין ערשינען, זאָל ערשיינען פערטעל-יערליך.

2) די רעדאַקציע זאָל באַשטיין פון 3.

3 ער זאָל אַרויסגעגעבען ווערען פון די „לערער און טוער פון די אַ. ר. שולען."

4) דער צוזאַמענפאָר זאָל ערווילען דן רעדאַקטאָרען, וואָס זאָלען וואוינען אין אָדער אַרום ניו-יאָרק.

5) דער צוזאַמענפאָר ווענדט זיך צום בילדונגס-קאָמיטעט מיט אַ ביטע אונטערצושטיצען דעם זשורנאַל.

6) יעדער לערער און יעדער אַנדער באַצאָלטער אָנגעשטעלטער און אויך יעדע שול זאָל צאָלען 50 סענט אַ מאָנאַט אַלס ביישטייער פאַר דער „ערציאונג" און זאָל באַקומען דעם זשורנאַל פריי.

7) היות ווי די הוצאות אויפ'ן ערשטען נומער זיינען שוין געמאַכט געוואָרען, פאָדערט דער צוזאַמענפאָר אויף אַלע לערער, סעקרעטאַרען און שולען אָפּצוצאָלען לכל הפחות $2.50 אויפ'ן חוב וואָס זיי זיינען שולדיג צום זשורנאַל פון פאַראַיאָרען.

### 10) טעקסט-ביכער

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די נאַציאָנאַלע שול-קאָמיסיע:

1) דורכצוקוקען די טעקסט-ביכער, וואָס האַלטען ביים ערשיינען אין נייע אויפלאַגעס, און וועלען איר צוגעשטעלט ווערען, און גיט איר איבער צו באַשטימען, צי זיי זאָלען רעקאָמענדירט ווערען צו די שולען, צי ניט.

2) אַרויסצוגעבען אַ זאַמלונג לידער מיט נאָטען.

3) אַרויסצוגעבען אַ קאַטאַלאָג פון מעשות פאַר דער אָנפאַנג-שול.

4) איינפירען אין „פריינד" אַן אָפּטייל פון ערציאונג, וואָס זאָל ספּעציעל געווידמעט ווערען פאַר עלטערן.

5) אַרויסצוגעבען אַ באַוועגליכען אידישען א"ב.

6) דער צוזאַמענפאָר באַנייט דעם באַשלוס פון לעצטען צוזאַמענפאָר אַרויסצוגעבען פאַסיגע ביאָגראַפיעס פאַר די קינדער.

### 11) בילדער

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די נאַצ. שול-קאָמיסיע צוזאַמענצושטעלען אַ צעטעל פון בילדער, וואָס וואָלטען געקענט אויסגענוצט ווערען אין דער אַרבעט פון די שולען און אויך אָנווייזען וואו מען קען די בילדער באַקומען.

### 12) אויסגאַבען קאָמיטע

קינדערלאַנד

דער צוזאַמענפאָר רעקאָמענדירט:

1) די בעסטע מעשות פון „קינדערלאַנד" זאָלען אַרויסגעגעבען ווערען באַזונדער.

2) אין יעדען נומער זאָל זיך געפינען כאָטש איין בעסערע אילוסטראַציע, וואָס זאָל, אויב מעגליך, אָפּגעדרוקט ווערען אויף אַ באַזונדערען קאַרדאָן און צוגעגעבען ווערען אַלס ביילאַג צום זשורנאַל.

3) עס זאָלען אין „קינדערלאַנד" אריינגיין מער אָריגינעלע מעשות; עס זאָל האָבען מער אילוסטראַציעס, אָפטערע גוטע ביאָגראַפיעס און דערציילונגען פון אַמעריקאַנער לעבען.

4) מען זאָל פאַר'ן „קינדערלאַנד" מאַכען אַ נייע שער-בלעטעל.

5) ס'זאָל בלייבען, ווי פריער, 2 רעדאַקטאָרען. די אויפזיכט פון דער אַרבעט ווערט איבערגעלאָזען פאַר דער רעדאַקציע זעלבסט.

6) דער צוזאַמענפאָר הייסט גוט דעם פּלאַן פון אַ געצוואונגענער קוואָטע פאַר יעדער שול און באַשטימט אַז די דאָזיגע קוואָטע זאָל ניט איבערשטייגען 30 פּראָצענט פון דער צאָל קינדער אין דער שול.

### 13) ליטעראַטור פאַר די קינדער

1) די שול ווערט באַאויפטראַגט, דורכ'ן בילדונגס-קאָמיטעט, אַרויסצוגעבען דורך דעם יאָר איין ווערק פון אַ אידישען שרייבער, וואָס זאָל זיין פּאַסיג פאַר די עלטערע קינדער אין אונזערע שולען.

2) די שולען ווערען אויפגעפאָדערט צו באַנוצען זיך מיט דעם דאָזיגען ווערק אין זייער אַרבעט.

3) דער צוזאַמענפאָר רעקאָמענדירט דער נאַצ. שול-קאָמיסיע אויסצושרייבען די אַלע ביכער און זשורנאַלען פון אויסלאַנד, וואָס קענען באַנוצט ווערען אין אונזערע שולען, און פאַנאַנדערשיקען צו איין קאָפּיע צו יעדער שול, אויף דעם חשבון פון דער שול.

### 14) אויסגאַבע קאָמיטע

1) יעדע שול ווערט אויפגעפאָדערט אַריינצושיקען אין נאַצ. אָפיס וויינינגסטענס איין קאָפּיע פון יעדער אויסגאַבע, וואָס ווערט ביי זיי אַרויסגעגעבען (ווי צירקוליאַרען, קאַרטלאַך, זשורנאַלען א. אַ. וו.).

### 15) שול-פינאַנסען

אין אנבאַטראַכט, אַז די שול-באַוועגונג איבער'ן גאַנצען לאַנד איז אויסגעוואַקסען, אַז נעקסטען יאָר וועט זיך מוזען עפענען אַ ריי נייע שולען, און אַז כדי דורכצופירען די אַרבעט, איז נייטיג אַ גרעסערער שול-פאָנד, באַשליסט דער 3-טער צוזאַמענפאָר פון די אַ. ר. שולען צו רעקאָמענדירען צו דער 22-טער יערליכער קאָנווענשאָן פון אַ. ר. צו העכערען דעם שול-פאָנד טעקס 2 סענט אַ קוואַרטאַל.

### 16) עלטערן-פאַראיינען

דער צוזאַמענפאָר פאָדערט אויף די שולען, זיי זאָלען זיך אָנשטרענגען צו אָרגאַניזירען ביי זיך עלטערן-פאַראיינען און זען צו פאַרבינדען די פאַראיינען מיט דער שול-פאַרוואַלטונג.

### 17) אָנשטעלען לערער

דער 3-טער אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָר באַשליסט צו אינסטרואירען די נאַצ. שול-קאָמיסיע, זי זאָל קיין לערער ניט אַריינשיקען אין אַ שטאָט, וואו ער דאַרף זיין דער איינציגער לערער, ביז ער האָט ניט אַ גענוגענדע ערפאַרונג אין אַ פריערער וועלטליכער אידישער שול, און ביז ער איז ניט מער אָדער ווייניגער באַקאַנט מיט דער ענגלישער שפּראַך.

### 18) שול-אינספּעקציע

נעמענדיג אין אַכט די דרינגענדע נויטווענדיגקייט פון אונטערזוכען די שולען, כדי צו האָבען אַ פאָלשטענדיגען באַגריף וועגען דעם, ווי אַזוי אין די שולען ווערט געלערנט, און ווי אַזוי זיי ווערען פאַרוואַלטעט, באַשליסט דער 3-טער שול-צוזאַמענפאָר צו אינסטרואירען די נאַצ. שול-קאָמיסיע צו אינספּעקטירען יעדע שול אַם ווייניגסטענס 1 מאָל אַ יאָר. די נאַצ. שול-קאָמיסיע זאָל האָבען דאָס רעכט צו באַנוצען זיך מיט דעם צוועק אויך מיט אָרטיגע קרעפטען, וואו מעגליך.

### 19) צוזאַמענפאָרען

1) אין אנבאַטראַכט, אַז די אַ. ר. שול-באַוועגונג איז פאַרצווייגט איבער'ן גאַנצען לאַנד, און אַז עס איז דרינגענד נייטיג פאָרטרעטער פון אַלע שולען זאָלען זיין ביי די שול-צוזאַמענפאָרען, און אין אנבאַטראַכט, אַז דער פאָנד פון דער שול-קאָמיסיע און פון די שולען בכלל איז צופיל באַשרענקט, כדי מיר זאָלען אַזאַ פאָרטרעטערשאַפט האָבען, באַשליסט דער 3-טער אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָר צו פאָרלאַנגען פון דער 22-טער יערליכער קאָנווענשאָן פון אַ. ר., אַז אַ סומע פון $3,000.00 יערליך זאָל באַוויליגט ווערען פון דעם אַלגעמיינעם אַ. ר. קאָנווענשאָן פאָנד צו דעקען די אויסגאַבען פון די אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָרען.

2) וואו דער קומענדער אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָר זאָל פאָרקומען, לאָזט דער צוזאַמענפאָר איבער צו דער נאַצ. שול-קאָמיסיע צו באַשטימען.

### 20) רעפּעראַט

דער צוזאַמענפאָר רעקאָמענדירט דער נאַצ. שול-קאָמיסיע, זי זאָל אין דעם משך פון די ערשטע פיר חדשים נאָכ'ן איצטיגען צוזאַמענפאָר באַשטימען די טעמעס פון די רעפעראַטען פאַר'ן קומענדיגען צוזאַמענפאָר און לאָזען זיי וויסען אַלע שולען און לערער, און בלויז די בעסטע און אַבסאָלוט נייטיגסטע פון זיי זאָלען געהאַלטען ווערען אויף דעם קומענדיגען צוזאַמענפאָר.

### 21) טעריטאָריעלע קאָנפערענצען

נעמענדיג אין אַכט די נויטווענדיגקייט פון אַ נענטערער פאַרבינדונג צווישען די שבת'ישע שולען און גלייכצייטיג אויך פון די שולען און זייערע טוער און די אָרטיגע בּרענטשעס, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר צו אינסטרואירען די נאַצ. שול-קאָמיסיע צו פאַרשאַפען אין משך פון יאָר טעריטאָריעלע קאָנפערענצען פון די לערער און שול-טוער פון באַשטימטע טעריטאָריעס און, וואו נייטיג, איינלאַדען אויך פאָרטרעטער פון בּרענטשעס.

### רעזאָלוציע נומער 1.

נעמענדיג אין אָבאַטראַכט, אַז אין מאַנכע שטעט זיינען דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר פאָרגעקומען טרויעריגע פאַלען פון אַריינמישען דעם פּראַקטישען פּאַרטיי-קאַמף אין דער שולען-טעטיגקייט פון דעם אַ. ר., און אַז דער דאָזיגער קאַמף האָט אָפט אָנגענומען אַ ביטערען כאַראַקטער, אַפּעלירט דער צוזאַמענפאָר צו די אַלע טוער און לערער, וועמען די אינטערעסען פון דער שול-באַוועגונג איז ליב און טייער, אַז זיי זאָלען אין די אינטערעסען פון די שולען זיין מער ווי געוויינליך פאָרזיכטיג ניט אַריינצוברענגען דעם פּאַרטיי-קאַמף אין דער שול-טעטיגקייט.

### רעזאָלוציע נומער 2.

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז אונזערע שולען ליידען פיל פון דעם, וואָס מיר קריגען ניט גענוג פּובליסיטי אין אונזערע אידישע סאָציאַליסטישע צייטונגען, באַשליסט דער 3-טער אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָר אויפצופאָדערען דעם בילדונגס-קאָמיטעט און די גאַנצע נאַציאָנאַלע-עקזעקוטיווע פון אַ. ר., זיי זאָלען אויסנוצען זייער גאַנצען איינפלוס צו זען, אַז די שול-באַוועגונג זאָל קריגען די נייטיגע פּובליסיטי.

### רעזאָלוציע נומער 3.

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז דער נאַצ. בילדונגס-קאָמיטעט און די נאַצ. שול-קאָמיסיע פון אַ. ר. האָבען דעם פאַרגאַנגענעם יאָר אָפּגעגעבען זייער פיל אַרבעט אויף צום עפענען נייע און אָנהאַלטען די ביז איצט עקזיסטירענדע שולען, און אַז זיי האָבען ביי יעדען געלעגענהייט געהאָלפען מיט ראָט און טאָט די שולען, וואָס האָבען זיך אין דעם גענייטיגט, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר אויסצודריקען זיין האַרציגען דאַנק דעם נאַצ. בילדונגס-קאָמיטעט פון אַ. ר. און אַלע טוער פון דער נאַצ. שול-קאָמיסיע פאַר זייער גוטער אַרבעט.

### רעזאָלוציע נומער 4.

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר. האָט אין פאַרגאַנגענעם יאָר פיל געהאָלפען דער שולען-באַוועגונג, באַשליסט דער דריטער צוזאַמענפאָר פון די אַ. ר. שולען אויסצודריקען זיין האַרציגען דאַנק דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פאַר זייער הילף צו דער שולען-באַוועגונג איבער'ן לאַנד.

### רעזאָלוציע נומער 5.

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די רעדאַקציע פון „קינדערלאַנד" האָט דעם פאַרגאַנגענעם יאָר רעדאַגירט דעם זשורנאַל מיט פיל מי און איבערגעבענהייט כמעט אומבאַצאָלט, באַשליסט דער 3-טער אַ. ר. שולען-צוזאַמענפאָר אויסצודריקען זיין דאַנק דער רעדאַקציע פונ'ם „קינדערלאַנד" און די אַלע לערער און פריינד, וואָס האָבען מיטגעהאָלפען דעם זשורנאַל מיט זייער אַרבעט.

### רעזאָלוציע נומער 6.

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די אַראַנזשמענט-קאָמיטע פון פילאַדעלפיע האָט אָפּגעגעבען פיל אַרבעט און מי צו אָרגאַניזירען דעם שול-צוזאַמענפאָר און צו שאַפען די אַלע באַקוועמליכקייטען, וואָס זיינען נייטיג צו מאַכען דעם צוזאַמענפאָר פאַר אַן ערפאָלג, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר אויסצודריקען זיין האַרציגען דאַנק צו דער אַראַנזשמענט-קאָמיטע, פאַר איר גוטער אַרבעט און פריינדליכער אויפנאַמע.

### רעזאָלוציע נומער 7.

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די איצטיגע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז אַזאַ, אַז עס איז דער חוב פון אַלע סאָציאַלע גרופּען, וואָס טרעטען אַרויס אין נאָמען פון די אַרבעטער-אינטערעסען, קיין חילוק צו וועלכער פּאַרטיי זיי באַלאַנגען, צו שטיצען רוסלאַנד אין איצטיגער שווידערליכער לאַגע מיט אַלע זייערע כחות, און נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז דער איינציגער וועג צו העלפען רוסלאַנד אַזוי, אַז די הילף זאָל ניט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערען וואָפען, איז דורך שטיצען ד' „סאָוויעטען-רעגירונג", און נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט די גוטע ערציערישע ווירקונג פון אַזאַ טעטיגקייט, רעקאָמענדירט דער 3-טער אַ. ר. שול-צוזאַמענפאָר צו די לערער און טוער פון די אַ. ר. שולען, אַז זיי זאָלען צוציען אונזערע קינדער-קלובען צו דער הילפס-אַרבעט פאַר די הונגעריגע אין רוסלאַנד.

# רעזאָלוציעס

## פון די דווינסקער יאַנג מען, בר. 96, אַ. ר.

ביי אַ גוט־באַזוכטען מיטינג פון די דווינסקער יאַנג מען, בר. 96 אַ. ר., אָפּגעהאַלטען פרייטאַג אָוונט, דעם 19־טען מאַי, 1922, אין 79 דילענסי סטריט, אויסהערענדיג דעם באַריכט פון אונזער דעלעגאַט פון דער לעצטער 22־טער יערליכער קאָנוועגשאָן פון דעם אַ. ר., אָפּגעהאַלטען אין טאָראָנטאָ, קענעדע, באַשליסען מיר גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער מאַיאָריטעט פון דער דאָזיגער קאָנוועגשאָן, און אין דער זעלבער צייט פּראָטעסטירען מיר שטאַרק געגען דער שעדליכער טאַקטיק פון די „זאָגענאַנטע „לינקע", וועלכע זוכען פאַרטומלען די מוחות פון די מיטגלידער פון דעם אַ. ר. דורך זייערע פאַלשע פאַרלוימדונגען און שמוץ־וואַרפעריי אויף דער גאַנצער קאָנוועגשאָן בכלל און אויף די נאַציאָנאַלע פאַרוואַלטער פון אַ. ר. בפרט.

אין אַנבאַטראַכט, אַז די זעלבע טומעל־מאַכער און פאַרלוימדער האָבען איצט אַרויסגעלאָזען אַ רוף פאַר אַ פּראָטעסט קאָנוועגשאָן צו אַלע ברענטשעס פון אַ. ר., און דערמיט באַצוועקען זיי אַריינצוברענגען צווייטיגקייטען אין די רייען אַ. ר., וועלכע, מיר דענקען, אַז דאָס איז געגען די פּרינציפּען פון דעם אַ. ר. און אויך געגען די געזעצען און מנהגים פון אַ. ר., און אויך פון יעדער עלעמענטאַרער אנשטענדיגקייט, דערום האָט בר. 96 מיט פאַראַכטונג צוריקגעוויזען זייער צושריפט פאַר אַ ספּעציעלער קאָנוועגשאָן.

מיר אַפּעלירען צו אַלע ברענטשעס פון אַ. ר. בכלל און צו די אַ. ר. מיטגלידער בפרט, ביי וועלכע דער אַ. ר. איז הייליג און טייער, ניט הינגעריסען צו ווערען פון אָט די טומעל־מאַכער און פאַרלוימדער, און אָנגיין מיט זייער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט צום וואויל און בעסטען פאַר דעם אַ. ר.

מ. וואָלפּערט, טשערמאַן. סטרוגין, פינ. סעק.

---

ענליכע רעזאָלוציעס זיינען אָנגעקומען פון פאָלגענדע אַ. ר. ברענטשעס:

בר. 13, פּעטערסאָן, אונטערגעשריבען א. רוסאַק, סעק.
בר. 29, באָפּאלאָ — זיגעל פון ברענטש.
בר. 43, רעוו. ווילנער — י. פאַרבער, רעק. סעק.
בר. 120, שלום־עליכם — זיגעל פון ברענטש.
בר. 121, פּעטערסאָנער ס. לעווין, טדיב פאַלק, י. זילבערשטיין.
בר. 203, פּערער־סענטער — ב. עלען, ד. סמיט, דזש. געהן, ס. ראָטמאַן, ס. מענדעלסאָן.
בר. 214, סאָצ. פאַרבאַנד — ש. גיטלין, יעקב מושאָן.
בר. 229 — ווישקאָווער — י. העין, סעק.
בר. 274, סיראַקיוז — הענרי קורץ.
בר. 528, קאַלאָמייער — מ. טויכנער, ש. אייזנער.
בר. 571, י. ל. פּרץ — מאקס ד. באַראל, סעק.

---

## פּראָטעסט רעזאָלוציע פון בר. 90

פאַרהאַנדלענדיג וועגען די צוויי רעזאָלוציעס, וואָס די 22־טע קאָנוועגשאָן פון אַ. ר. האָט אָנגענומען די ערשטע צו פאַרדאַמען די וואָרקערס פּאַרטי, די אידישע סעקציע פון דער וואָרקערס פּאַרטי און איר אָפיציעלען אָרגאַן די „פריוהייט", און די צווייטע צו פאַרלאַנגען פון דער סאָוויעט־רעגירונג די באַפרייאונג פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, — דערקלערט בר. 90 אַ. ר., אַז מיט די צוויי רעזאָלוציעס האָט די קאָנוועגשאָן פאַרראַטען די פּרינציפּען און דעם גייסט פון אונזער אָרדען.

דער אַ. ר., וועמעס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען געגענזייטיגע הילף און אויפקלערונג, איז געוואָרען גרויס און שטאַרק בלויז אַ דאַנק זיין נייטראַליטעט, וואָס ער האָט שטענדיג אָנגעהאַלטען צו די פאַרשידענע ריכטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. די 22־טע קאָנוועגשאָן האָט מיט די צוויי רעזאָלוציעס געמאַכט אַן ענד צו דער אומפּאַרטייאישקייט פון אַ. ר. און האָט זיך אָפען געשטעלט אויף דער זייט פון דער קאָנסערוואַטיווער ריכטונג אין דער באַוועגונג און געגען דער ראַדיקאַלער רעוואָלוציאָנערער ריכטונג געפירט פון דער „וואָרקערס פּאַרטי".

אַזאַ שטעלונג איז בלויז אַ פּראָוואָקאַציע צו פאַרגרעסען די צווייטיגקייטען אין אָרדען און צו טרייבען דעם רעוואָלוציאָנערען עלעמענט צו פאַרלאָזען דעם אַ. ר.

די רעזאָלוציע וועגען דער סאָוויעט־רוסלאַנד האָט אָוועקגעשטעלט דעם אַ. ר. אין דעם לאַגער פון די שונאים פון דער סאָוויעט־רעגירונג, וועלכע איז דער אַוואַנגאַרד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אויף דער וועלט און וועלכע האָט די ליבע און סימפּאַטיע פון יעדען מיטגליד פון אַרבעטער־רינג.

בר. 90 אַ. ר., וועלכער האָט תמיד געקעמפט פאַר אַ פרייען און רייגעם אַ. ר., זאָגט זיך אַרויס אַנטשידען און שטאַרק געגען די דאָזיגע צוויי רעזאָלוציעס און באַשליסט אנטייל צו נעמען דורך דעלעגאַטען אויף דער פּראָטעסט קאָנוועגשאָן, דעם 4־טען יוני, אין ניו־יאָרק, מיט דעם צוועק צו געפינען וועגען און מיטלען אַרונטערצונעמען דעם שאַנד־פלעק, וואָס די לעצטע קאָנוועגשאָן האָט אַרויפגעלייגט אויף אונזער באַליבטען אַ. ר., און פאַרהיטען אַ שפּאַלטונג אין אונזער אָרדען, וואָס די איצטיגע פירער פון אָרדען זוכען צו פּראָוואָצירען. בר. 90 אַ. ר. פאָדערט אויף אַלע מיטגלידער און ברענטשעס פון אַ. ר. איבער'ן גאַנצען לאַנד, וועמען די גאַנצקייט און שיינקייט פון אַ. ר. איז טייער, זיך אָנצושליסען אָן דער באַוועגונג.

אָט די רעזאָלוציע זאָל גלייך פאַרעפענטליכט ווערען אין „פאָרווערטס", „פריוהייט" און „פריינד".

ר. ארלין, טשערמאַן, בר. 90 אַ. ר.

---

ענליכע רעזאָלוציעס האָבען מיר דערהאַלטען פון פאָלגענדע ברענטשעס:

בר. 9, פּראָגרעסיווער קלוב, אונטערגעשריבען מ. גען, פינ. סעק.; ס. קאָהען, רעק. סעק.; מ. שמיטה, טשערמאַן.
בר. 63, קענזאס־סיטי — י. גאָטליב, ס. ראָזענצווייג.
בר. 114, עדיקיישאָנאל ליג — א. קאופמאן, מ. מענקאָף.
בר. 129, וואָלינער־זשיטאָמירער — מ. קאַפּלאָן, סעק.
בר. 135, „נייע צייט" — עהרליך, מאַסלאָוויטש, ה. פריינד.
בר. 175, אינדיאַנאַפּאָליס — ט. בראָדסקי, ה. צימאון.
בר. 186, סיו־סיטי — אב. קאָוואַל, א. קאַפּלאַן, ס. מעראַן.
בר. 225, אָדעסער — מ. האָלטמאַן, א. היימאַן, נ. קרייזמאַן, י. ראָזען.
בר. 250, פּיטסבורג — דר. מ. רעזניק, מאָרים לינדען, דר. קרופּ, מ. שוואַרץ, לינדערמאַן.
בר. 286, בריסקער — י. פינקעלשטיין, ד. זאַלצמאַן.
בר. 495, טשאַטאַנוגא — ד. פּרעס, ב. ראַנין, מ. אבראַמסאָהן.
בר. 513, נאָרפאָלק — מ. קאָפּסקי, סעק.
בר. 530, היוסטאָן — הערי גרין, נ. בעלל, ס. קראָפּט.
בר. 573, י. ל. פּרץ — ל. לעווי, י. לייבמאַן.
בר. 680, טאָראָנטאָ — ס. לאַפּידעס, טשערמאַן; מ. בערגשטיין, סעק.
בר. 715, באָבראָיסקער — ב. פּיינבערג, סעק.
בר. 716, ספּרינגפילד — מ. לעווין טשערמאַן; ל. רעניזק, סעק.
דזשאָינט מיטינג פון וועסט־ענד, באָסטאָן — ת. וויגדערסאָן, מ. י. קאַנאָוויטש, י. מאַרקין.

---

## פּראָטעסט־רעזאָלוציע

מיר, די מיטגלידער פון בר. 392 אַ. ר., פאַרזאַמעלט שבת דעם 7־טען מאַי ביי אַ גוט־באַזוכטען מיטינג, דיסקוטירענדיג די רעזאָלוציעס פון דער לעצטער קאָנוועגשאָן לויט די באַריכטען פון דער אידישער אַרבעטער־פּרעסע, זיינען געקומען צום פאָלגענדען באַשלוס: וואָס אנבאַלאַנגט די רעזאָלוציע, וועלכע פאָדערט די באַפרייאונג פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין סאָוויעט־רוסלאַנד, זיינען מיר איינשטימיג, אויב אַזעלכע זיינען פאַראַן אין רוסלאַנד. וואָס אנבאַלאַנגט דער רעזאָלוציע, וועלכע פאַרדאַמט די וואָרקערס פּאַרטי מיט זייער אָרגאַן די „פריוהייט", האָבען מיר בשלאָסען צו פּראָטעסטירען, באַזירענדיג אונזער פּראָטעסט אויף פאָלגענדען שטאַנדפּונקט: נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט אַז דער אַ. ר. פּרעטענדירט צו זיין דער רויטער־קרייז פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז אומפּאַרטייאיש צו די פאַרשידענע עלעמענטען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; נעמענדיג ווייטער אין אַנבאַטראַכט, אַז אין אַ. ר. באַלאַנגען פאַרשידענע עלעמענטען, נעמליך: סאָציאַליסטען, קאָמוניסטען און ציוניסטען; נעמענדיג ווייטער אין אַנבאַטראַכט, אַז די מיטגלידער פון אַ. ר., וועלכע באַלאַנגען צו דער וואָרקערס פּאַרטי, לעזען די „פריוהייט", זיינען פאָלקאָם באַרעכטיגט דערצו, — זיי עם באַשלאָסען צו פּראָטעסטירען אַקעגען דער האַנדלונג פון די דעלעגאַטען, וואָס האָבען געשטימט פאַר דער אויבענדערמאָנטער רעזאָלוציע.

ד. לעהרער, סעק.

---

ענליכע רעזאָלוציעס זיינען דערהאַלטען געוואָרען פון פאָלגענדע ברענטשעס:

בר. 300, סואוואַלקער־וואָלקאָווסקער, אונטערגעשריבען: ת. זעליגזאָן, ל. סילווערמאַן, י. לעוויט.
בר. 450, דוד עדעלשטאַט — מ. דובאָוו, י. גאָרט, ס. גאָלדשטיין.

---

## רעזאָלוציע וועגען דער נ. י. נאָמינאַציאָנס־קאָנפ.

ביי אַ גוט־באַזוכטען מיטינג פון בר. 8 אַ. ר., אָפּגעהאַלטען פרייטאַג דעם 7־טען אַפּריל, איז פאָרגעלעזען געוואָרען די דערקלערונג, וואָס די נאַצ. עקזעק. קאָמ. פון אַ. ר. האָט אַרויסגעשיקט צו די ברענטשעס וועגען דער גרופּע „לינקע" דעלעגאַטען, וואָס האָבען אויף אַ

מיאוס׳ען אופן געוואָלט צעברעכען די נאָמינײשאָן קאָנפערענץ. די דערקלערונג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע איז דיסקוטירט געוואָרען און פאָלגענדע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען.

אין אנבאַטראַכט, אַז דער אַ. ר. איז אַלע מאָל געשטאַנען פעסט ביי זיינע פּרינציפּען פון אַרבעטער־איניגקייט און האָט אַלע מאָל געהאַלטען הויך די פאָן פון סאָלידאַריטעט און אחדות אין די רייען פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין אנבאַטראַכט, אַז אַ גרופּע פּערזאָנען, וועלכע האָבען קיינמאָל גאָר ניט געטאָן פאַר דעם אַ. ר., ווילען איצט אויסנוצען אָט די אָרגאַניזאַציע פאַר זייערע פּאַרטיי־אינטערעסען און דורך זייערע עקעלהאַפטע מעטאָדען, וואָס זיי ווענדען אָן, באַצוועקען זיי אַריינצוברענגען מיסטרויען און צעשפּליטערונג אין דער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבעטערשאַפט, —.

זיי עס באַשלאָסען, אַז בר. 8 אַ. ר. דריקט אויס איר העפטיגען פּראָטעסט געגען יענע פּערזאָנען, וועמעס איינציגער צוועק איז צו ברעכען און צו שטערען די אַרבעטער־אינסטיטוציעס, וואָס זיינען מיט אַזוי פיל מי אויפגעבויט געוואָרען. מיר פאָדערען אויך אויף די נאַצ. עקזעק. קאָמ. פון אַ. ר., אַז זיי זאָלען אָנגיין ווייטער מיט זייער אַרבעט צו פאַרגרעסערען און פאַרשטאַרקערען אונזער ליבען אָרדען, און ניט לאָזען אַריינדרינגען דעם הפקר עלעמענט אין אונזערע רייען.

מ. שיינבערג, ר. פלעקס, א. שטיינבערג, רעז. קאָמ. בר. 8 א. ר.

---

ענליכע רעזאָלוציעס זיינען אָנגעקומען פון פאָלגענדע ברענטשעס:
בר. 27, ראָטשעסטער, אונטערגעשריבען נ. אקסעלראד, ס. קראַוויץ.
בר. 259, פּוכאָוויטש־קאָסאָווער — מאָרים קאַפּלאַן, דזש. גאָלדמאַן.

---

## רעזאָלוציע וועגען דער נ. י. נאָמינאַציאָנס־קאָנפ.

ביי אַ גוט־באַזוכטען מיטינג פון בר. 421 אַ. ר., אָפּגעהאַלטען דינסטאָג דעם 4־טען אַפּריל, ווען עס זיינען פאָרגעלעזען געוואָרען די דערקלערונגען פון דער מינאָריטעט און פון דער נאַצ. עקזעק., איז נאָך אַ לענגערער דעבאַטע אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

1) אין אנבאַטראַכט, אַז צווישען די מיטגלידער אין אַ. ר. געפינען זיך אַ באַדייטענדע צאָל קלאַסען־באַוואוסטע און רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער, וואָס קענען נישט זיין צופרידען מיט׳ן אופן, ווי דער אַ. ר. ווערט געפירט און פאַרוואַלטעט, צו פאַרוואַנדלען דעם אַ. ר. אין אַן אויסשליסליכען אָרדער פאַר אינשורענס.

אין אנבאַטראַכט, אַז דער אַ. ר., אַלס אַ קולטורעלע און אַרבעטער הילפס־אָרגאַניזאַציע, דאַרף געפירט ווערען אין איין גייסט און אין די אינטערעסען פון די אַרבעטער אין זייער קאַמף געגען דער היינטיגער אָרדענונג.

אין אנבאַטראַכט, אַז דער ווייט גרעסטער טייל פון די איצטיגע פירער אין אַ. ר. האָבען זיך אַרויסגעוויזען אומפּאַסיג צו זיין די פאַרוואַלטער און פירער פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, און דאָס האָט אַרויסגערופען די אָפּאָזיציע.

און האָבענדיג די טרויעריגע ערפאָרונג, אַז נישט אַלע מאָל קען מען זיין זיכער, אַז די שטימען וועלען ריכטיג געציילט ווערען — איז די האַנדלונג פון דער מינאָריטעט געוועזען די איינציגע מעגליכע צו פאַרלאָזען אַלס פּראָטעסט די קאָנפערענץ, ווען עס איז אַנטזאַגט געוואָרען דער גערעכטער פאַרלאַנג צו האָבען אַ פאַרטרעטער אין דער ציילער קאָמיטע.

און בר. 421 אַ. ר. דערקלערט זיך סאָלידאַריש מיט דער מינאָריטעט און פאַרפליכטעט זיך צו העלפען מאַטעריעל און מאָראַליש אין דעם קאַמף פאַר אַ שענערען און בעסערען אַ. ר.

ברוך לייב לייב, מאיר מ. לאַקס, סעם ראָזען, רעז. קאָמ.

---

אַ ענליכע רעזאָלוציע איז אויך דערהאַלטען געוואָרען פון בר. 718, דזשאָן ריעד׳ס, אונטערגעשריבען א. פרימאַן און י. לינקין.

---

## פּראָטעסט־רעזאָלוציע פון ווילנער בר. 666 אַ. ר., באָסטאָן

זונטאָג דעם 28־טען מאַי איז פון אונז אַראַנזשירט געוואָרען אַ פאַרזאַמלונג, צו וועלכער מיר האָבען איינגעלאַדען פר. פיינערמאַן פון ניו־יאָרק און פר. מ. לעווינסאָן פון באָסטאָן, אָפּצוגעבען אַ באַריכט פון דער לעצטער קאָנוועגשאָן דערפאַר, ווייל דער באַריכט פון די באָסטאָנער דעלעגאַטען איז אָפּגעגעבען געוואָרען ניט אין איינקלאַנג מיט דעם אַ. ר. גייסט, און

אין אַנבאַטראַכט, אַז איבער דריי הונדערט אַ. ר. מיטגלידער, וואָס זיינען געקומען אויסהערען דעם באַריכט פון קאָנוועגשאָן, זיינען אַוועק אַנטוישטע דערפאַר, ווייל אַן אָרגאַניזירטע גרופּע האָט געשטערט מיט אַלע מיטלען און האָבען אָפּגעבראָכען דעם מיטינג, ניט דערלאָזענדיג, אַז ער זאָל ערעפענט ווערען, און

אנבאַטראַכט, אַז די פאָרשטייער פון דער דיסטריקט קאָמיטע אין באָסטאָן, אנשטאָט צו האַלטען אָרדענונג ביי דער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאַררופען געוואָרען פון צוויי אַ. ר. ברענטשעס, האָבען זיך געשטעלט אָן דער שפּיצע פון טומעל־מאַכער, העלפענדיג זיי ברעכען דעם מיטינג,

באַשליסען מיר, אַז מיר די מיטגלידער פון ווילנער בר. 666 אַ. ר., באָסטאָן. מאַסס. וואָס איז איינער פון די ברענטשעס, וואָס האָבען די פאַרזאַמלונג אַראַנזשירט, דריקען אויס אונזער פּראָטעסט און קלאָגען אָן פאַר דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון אַ. ר. אַלע אויבענדערמאָנטע פּערזאָנען, וואָס האָבען דעם מיטינג צעשטערט און

מיר באַשליסען אויך, אַז מיר פאָדערען אויף די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון אַ. ר. צו אַראַנזשירען אַ פאַרזאַמלונג אין באָסטאָן און שיקען צוויי פון אירע פאָרשטייער, וואָס זאָלען איבערגעבען צו די אַ. ר. מיטגלידער דעם אמת וועגען דער לעצטער קאָנוועגשאָן און וועגען די לעצטע פּאַסירונגען אין אַ. ר., וועגען וועלכע די ברעכער ווילען אַריינברענגען מיסטרויען אין די רייען פון אונזער באַליבטען אָרדען.

אַ קאָפּיע פון דער רעזאָלוציע זאָל געשיקט ווערען צום „פאָרווערטס", צום „פריינד" און צו דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פון אַ. ר.

רעז. קאָמיטע בר. 666 א. ר. דזשייקאָב גאָלדין, סאָל אַרעל.

---

## אַ פאַרוואורף דער שיקאַגאָר דעלעגאַציע

צו דער לעצטער קאָנוועגשאָן איז שיקאַגאָ געווען באַרעכטיגט צו 10 דעלעגאַטען און, ווי עס פירט זיך ביי די פאָרקאָנפערענץ, זיינען די דעלעגאַטען די, וואָס באַקומען די מאַיאָריטעט שטימען. עס איז אויך פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז אויב איינער פון די ערוויילטע דעלעגאַטען קען ניט פאָרען, צוליב געוויסע אורזאַכען, איז דער דעלעגאַט דער נעקסטער קאַנדידאַט, וואָס האָט געקראָגען די גרעסטע צאָל שטימען. אַזאַ פאַל האָט געטראָפען מיט דער שיקאַגאָר דעלעגאַציע. פר. בלומענטאַל האָט צוליב געוויסע פּערזענליכע אורזאַכען ניט געקענט פאָרען צו דער קאָנוועגשאָן. די שיקאַגאָר דעלעגאַציע האָט גוט געוואוסט, אַז פר. בלומענטאַל פון בר. 306 קען צו דער קאָנוועגשאָן ניט פאָרען. וואָס האָט געדאַרפט טאָן די שיקאַגאָר דעלעגאַציע? קומענדיג אין טאָראָנטאָ, גלייך פאָדערען פון דער קרעדענשעל קאָמיטע, אַז מ׳זאָל אַרויסרופען דעם נעקסטען קאַנדידאַט! דאָס אָבער איז ניט געטאָן געוואָרען. דער נעקסטער קאַנדידאַט איז געווען פר. קאַגאַן פון בר. 32. ביי דעם לעצטען מיטינג פון בר. 32 איז די פראַגע פאַרהאַנדעלט געוואָרען ביי אַ גוט־באַזוכטער מיטינג און דער ברענטש אַלס אַ גאַנצער געפינט זיך געקרענקט, וואָס אונזער דעלעגאַט איז ניט אַרויסגערופען געוואָרען צו דער קאָנוועגשאָן. עס איז ריכטיג ווי פיל מיטגלידער האָבען באַמערקט דורך דער דיסקוסיע, אַז די שיקאַגאָר דעלעגאַציע איז טאַקע ניט איינפאַרשטאַנען מיט אונזער פריינד קאַגאַן, ניט אין די מיינונגען און ניט אין די פּרינציפּען. אָבער אויס רעספּעקט צום בר. 32, וואָס איז דער ערשטער ברענטש אין שיקאַגאָ, און אַ דאַנק זיין אַרבעט פאַר׳ן אַ. ר., איז פּיליכט געוואָרען מעגליך, אַז שיקאַגאָ זאָל שיקען אַזאַ צאָל דעלעגאַטען, האָבען די שיקאַגאָר דעלעגאַטען געדאַרפט און געמוזט זיך רעכענען מיט דעם בר. 32 און ניט מיט די איבערצייגונגען פון פר. קאַגאַן. מיר, די מיטגלידער פון בר. 32, באַדויערן זייער שטאַרק אַזאַ קורצזיכטיגע פּאָליטיק פון די שיקאַגאָר דעלעגאַטען.

מיר ווילען אויך באַמערקען, אַז פר. קאַגאַן איז דער פינאַנס־סעקרעטער פון בר. 32. אַלס סעקרעטער גיט ער אָפּ זיין צייט, ענערגיע און אַרבעט פאַר׳ן בר. 32 און פאַר׳ן אַ. ר. אַלס גאַנצען.

טש. כאַראַש, ס. זיממערמאַן, קאָמ.

---

## רעזאָלוציעס צו דער קאָנוועגשאָן

אָנגענומען איינשטימיג ביי אַ פול־באַזוכטען מיטינג פון פרידריך ענגעלס בר. 673 אַ. ר., אַפּריל 22, 1922.

היות ווי דער אַ. ר. איז אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס שליסט אין זיך איין די פאַרשידענע שטרעבונגען און שטרעמונגען פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער באַוועגונג;

היות, ווי די גאַנצקייט און שטאַרקייט פונ׳ם אַ. ר. קען נאָר אָנהאַלטען ווען עס וועט הערשען אַ פאָלשטענדיגע טאָלעראַנץ צו די פאַרשידענע ריכטונגען אין דער באַוועגונג;

היות ווי דער אַ. ר. אַלס אָרגאַניזאַציע האָט אַלעמאָל זיך געהאַלטען אָן דער דאָזיגער פּאָליסי און האָט אָפיציעל אנערקענט און אונטערשטיצט די פאַרשידענע אַרבעטער־אינסטיטוציעס און צייטונגען אומנאָכגעזען פון זייער פּאָליטישער שאַטירונג, אַ דאַנק וועלכען דער אַ. ר. איז דערוואַקסען צו זיין איצטיגער גרויס; און

היות ווי עס ערשיינט שוין אַ צייטונג — די „פרייהייט" — אַרויסגעגעבען פון דער אידישער פעדעראַציע פון דער וואָרקערס פּאַרטיי, אַ צייטונג, וואָס פאַרטרעט אוממיטעלבאַר די אינטערעסען פון דעם רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישען עלעמענט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ צייטונג, וואָס האָט אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ באַוויזען זיך צו שטעלען אויף דער הויך פון דער דאָזיגער אויפגאַבע, האָבענדיג אין זינען די גאַנצקייט און וואוקס פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג —

באַשליסט דער פרידריך ענגעלס בר. 673 אַ. ר., צו רעקאָמענדירען צו דער 22־טער קאָנוועגשאָן פון אַ. ר.:

1. אַז די „פרייהייט" זאָל אָפיציעל אנערקענט און רעקאָמענדירט ווערען אַלס אַ צייטונג פון אַרבעטער־קלאַס;

2. אז דער א. ר. זאל די „פרייהייט שטיצען פינאנציעל.
3) צו שיקען קאפיעס פון דער רעזאלוציע צו דער קאנווענשאן פון א. ר. און צו דער אידישער ארבעטער־פרעסע.

א. מאורים, פ. גרונדפעסט, ה. קאהן,
רעזאלוציאנס קאמ. פרידריך ענגעלס בר. 673 א. ר.

ענליכע רעזאלוציעס זיינען דערהאלטען געווארען פון פאלגענדע ברענטשעס:
בר. 245, בערדיטשעווער, אונטערגעשריבען; מ. גאלדשטיין, פ. מאנדעל, רעז. קאמ.
בר. 320, אלבאני — ד. האלפערט, סעק.
בר. 718, דזשאן ריעד'ס — א. פרימאן, י. לינקין.

# פון אונזער קארעספאנדענץ-טיש

## הייסען גוט האנדלונג פון דעלעגאטען

ביי א גוט־באזוכטען מיטינג, מיטוואך דעם 24־טען מאי, איז באשלאסען געווארען צו פראטעסטירען געגען דער האנדלונג פון דער פעטערסאנער דיסטריקט קאמיטע פאר אננעמען א באשלוס צו אנערקענען די „פרייהייט“.

אויך איז גוטגעהייסען געווארען די האנדלונג פון אונזערע דעלעגאטען צו דער דיסטריקט קאנפערענץ פאר צוריקציען זיך פון דער קאנפערענץ ווען די פראגע איז פארהאנדעלט געווארען, ווייל די קאנפערענץ איז ניט פאר דעם צוועק גערופען געווארען.

דזשא שטיינמאן, רעקארדינג סעקרעטער.

## פראטעסט־רעזאלוציע פון בר. 62 א. ר.

אזוי ווי די פעטערסאנער דיסטריקט קאמיטע האט איינגערופען א קאנפערענץ אום אויסצוהערען א רעפארט פון איר פערטעל־יערליכער טעטיגקייט און אויך א באריכט פון קאנווענשאן, און אזוי ווי זיי האבען אריינגעשמוגעלט צום קאנפערענץ א באשלוס, אז דער דיסטריקט אנערקענט די „פרייהייט“, — דערום באשליסען מיר ביי אונזער רעגעלען מיטינג צו פראטעסטירען קעגען דער דיסט. קאם. און אויך צו דערקלערען, אז די דעלעגאטען פון בר. 62, שטימענדיג פאר דעם באשלוס, האבען אויסגעשפראכען זייער אייגענע מיינונג, אבער ניט די מיינונג פון ברענטש.

רוש. שטיינערג, סעק.

## פראטעסט־רעזאלוציע פון בר. 121 א. ר.

ביי אונזער מיטינג, דעם 28־טען מאי, האבען מיר באשלאסען צו פארדאמען די פעטערסאנער סיטי און דיסטריקט קאמיטע, פאר רופען א קאנפערענץ מיט 3 דעלעגאטען פון יעדער ברענטש, אפצוגעבען א דריי־מאנאטליכען רעפארט, האבען זיך אונזערע אומפאראנטווארטליכע טומעל־מאכער באנוצט מיט דעם, וואס זיי האבען געהאט א מאיאריטעט און דורכגעפירט א האלד־אפ איינדארסמענט“ פאר זייער זאגענאנטען „לינקען“ ארגאן. מיר טאדלען אונזערע 2 דעלעגאטען, פר. מ. לעווין און פר. פרידמאן, פאר מיסרעפרעזענטירען אונזער ברענטש, און מיר הייסען גוט די האנדלונג פון דריטען דעלעגאט, פר. מושין, פאר צוריקציען זיך פון דער קאנפערענץ.

סעב לעווין, טויב פאלק,
דזשייק זילבערשטיין, רעק. סעק., פרעס קאמ.

## א פראטעסט־דערקלערונג פון א גרופע

מיר, א גרופע מיטגלידער פון בר. 313 א. ר., פארטסמאוטה, ווא., פראטעסטירען העפטיג נעגען דער באווענונג צו רופען א „פראטעסט־קאנווענשאן. מיר גלויבען, אז דאס איז אינסינואירט געווארען פון פערזאנען מיט דעם בייזוויליגען מאטיוו צו שלאגען קאפיטאל דערפון פאר זייער איינענע קלייזעל.

צו דער זעלבער צייט פראטעסטירען מיר אויך נעגען די זאגענאנטע „לינקע“ פון אונזער בר., וועלכע האבען פארכאפט א מיטינג ניט לאזענדיג וויסען די מיטגלידער פאר וועלכען צוועק דער מיטינג ווערט גערופען און האבען באשלאסען מיט א מאיאריטעט פון איין שטימע אוועקצושטעלען אונזער ברענטש אין דער רייע פון עטליכע אומפאראנטווארטליכע, וויסענדיג גאנץ גוט אז א גרויסע מאיאריטעט מיטגלידער פון ברענטש זיינען נעגען דעם. און אויף א געשריבענעם פארלאנג פון א מאיאריטעט מיטגלידער צו רופען א ספעציעלען מיטינג וועגען דער פראגע, אום מיר זאלען קענען אנהאלטען די נאנצקייט פונ'ם בר., האט זיך דער סעק., וועלכער איז א לינקער, אן קיין טענות אנטזאגט. אזא האנדלונג מוז פארדאמט ווערען פון אלע מיטגלידער פון ארדען.

מאקס האפמאן, ד. גרינבערג, סעם סאטאן,
ם. רובין, רעזאל. קאמיטע.

## רעזאלוציע וועגען דעם געצייג קאמפיין

אין אנבאטראכט, אז די פיפעלס רעליף קאמיטע מאנט איצט אן א קאמפיין צו שאפען געצייג פאר די אידישע ארבעטער אין רוסלאנד; אין אנבאטראכט אז אויב מיר ווילען אז די נעצייג זאל ריכטיג, אין די אינטערעסען פונ'ם אידישען פראלעטאריאט, ערפאלגרייך פארטיילט ווערען, דארף דאס געטאן ווערען נאר דורך דעם „אידגעזקאם“, ווייל דאס איז די איינציגע גוט־ארגאניזירטע און ברייט־פארצווייגטע הילפס־ארגאניזאציע פון די אידישע מאסען אין רוסלאנד:

דערום באשליסען מיר, בערדיטשעווער בר. 245 א. ר., ביי א ספעציעלען מיטינג, פארזאמעלט שבת אוועגט דעם 13־טען מאי, אויפצופאדערען די פיפעלס רעליף קאמיטע צו פארטיילען די נעזאמעלטע געצייג אויסשליסליך דורך דעם „אידגעזקאם“ אין רוסלאנד.

בערדיטשעווער בר. 245 א. ר.
פ. מאנדעל, רעז. קאם. מ. גאלדשטיין, סעק.

## פאר דריי־יערליכע קאנווענשאנס

ביי א ספעציעלען מיטינג, אפגעהאלטען פרייטאג דעם 7־טען אפריל, איז באשלאסען געווארען:

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די יערליכע קאנווענשאנס פון א. ר. זיינען ניט מער א נויטווענדיגקייט פאר דער אנטוויקלונג פון אונזער ארדען; אז די קאנווענשאנס זיינען ניט מער נייטיג צו מאכען דעם א. ר. פאפולער צווישען די אידישע ארבעטער־מאסען; אז די קאנווענשאנס שפילען ניט מער קיין ראלע אין פארמירען די פלאטפארמע און טעטיגקייט פון א. ר.; און אז די יערליכע קאנווענשאנס קאסטען צענדליגע טויזענטער דאלאר, וואס עס ברענגען ניט קיין נוצען שלאסען צו רעקאמענדירען, אז קאנווענשאנס זאלען אויסער פארגרעסערען די בילס, — ווערט באשלאסען אפגעהאלטען ווערען ניט אפטער ווי איין מאל אין 3 יאר.

בר. 275; הערי בענון, סעק.

## א פראטעסט

ביי א מיטינג פון די באָרד אוו דירעקטארען פון די פאראייניגטע ברענטשעס 3, 4, 6 און 325 פון וויליאמסבורגער עדיוקיישאנאל אליייענס, 76 טרופ עוועניו, ברוקלין, נ. י., איז איינשטימיג באשלאסען און ערוויילט געווארען א קאמיטע דורכצופירען אונזער פראטעסט דורך די צייטונגען געגען דער האנדלונג פון דעם „פארווערטס“ פאר ניט אננעמען ביי אונזער עדיוקיישאנאל קאמיטע א באצאלטען אדווערטייזמענט פאר א לעקטשור, וואס איז ארראנזשירט געווארען פאר אונז פון דער עדיוקיישאנאל קאמיטע פון א. ר. איבער דער טעמע „באלשעוויסטישער סאציאליזם“, נאר דערפאר וואס פר. דר. ב. האפמאן (צביון) איז געווען דער לעקטשורער.

בוירג און שטיינפעלד, בר. 3.
גארדאן און טענענבוים, בר. 4.
קראוועצקי און באנדעס, בר. 6.
באראן, בר. 325.

## פאר קאאפעראציע

ביי א ספעציעלען מיטינג, דעם 10־טען מאי, איז אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציע:

אזוי ווי מיר באטראכטען די קאאפעראטיווע אין פעטערסאן פאר א טייל פון דער ארבעטער־באוועגונג, דעריבער פארפליכטען מיר זיך, אז אלע אונזערע מיטגלידער מוזען קויפען קאאפעראטיווע ברויט און פלייש.

רעבס בר. 421; מ. אלבערט, רעק. סעק.

## א ווארענונג

מיר מעלדען אלע ברענטשעס פון א. ר., אז ס. סילווערמאן, געוועזענער טרעזשורער פון דער א. ר. לייקאסע, האט פארנומען פון דער קאסע און פון דעם לייבאר־לייסעאום איבער $9000 און איז פארשוואונדען.

ס. זיסער, סעק., בר. 395, ראק־איילענד.

רעדאקציאנס־באמערקונג: זאל דאס דינען אלס א ווארענונג צו אלע אונזערע א. ר. ברענטשעס, אז אלע באאמטע, וואס האבען צו טאן מיט א. ר. געלטער, זאלען געשטעלט ווערען אונטער באנדס. לוידער קאסט אונזערע ברענטשעס אפ צו טייער די ערפארונג.

## רעזאלוציע פון ראדאמער בר. 369 א. ר.

אויספארשענדיג די קלאגע אויף אונזער געוועזענעם פראטאקאל סעקרעטער, ה. קעסטענבערג, אין באצוג דער טעאטער־אונטערנעמונג פאר דער רעליף, באשליסען מיר ריינצוואשען אים פון דער קלאגע, ווייל עס זיינען ניטא קיין גרינדליכע באווייזען.

א. ווינגרא, פינ. סעק. בר. 369 א. ר.

## פאר א מאנאטליכען „פריינד“

נעשעצטער פר. רעדאקטאר י. ב. ביילין:

איך פראטעסטיר געגען דעם באשלוס פון קאנווענשאן פאר א דריי־מאנאטליכען „פריינד“.

איך פאדער אויף אלע ברענטשעס, ווי אויך אלע מיטגלידער פון א. ר., נידערצושטימען דעם באשלוס און שטימען פאר א מאנאטליכען „פריינד“ ווי ביז איצט.

סעם סאקס, פון בר. 504 א. ר.

## פארשליסען די קאסע

צוליב דעם וואס די קאסע איז פוסטלאר און די ברענטשעס האבען צו שטימען איינינע נויטבאדערפטיגע מיטגלידער, פארשליסען בר. 324 און 547 זייער קאסע פאר זייטינע אפילו פון אנדערע ברענטשעס.

אונטערגעשריבען
פאר בר. 324, סאל שטיינבערג, סעק.
פאר בר. 547, פ. גיבריק, סעק.
פאר בר. 654, ל. שטיינבערג.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 612, פאטנאם, האבען באשלאסען, אז קיין צושריפט פון ברענטשעס וועלען נישט ווערען נעשטיצט אן דעם זינעל פון ברענטש. צו דער זעלבער צייט ווילען מיר אויפמערקזאם מאכען די מיטגלידער פון אלע ברענטשעס, אז זיי זאלען דערמאנען זייערע סעקרעטארען, איידער זיי שיקען ארוים אפילו פאר הילף, אז זיי זאלען דאס נעדענקען.

י. ראזענוואלד, פינ. סעק.

## וואס טוט די דיסט. קאמ. אין באסטאן?

ביי א גוט־באזוכטען מיטינג פון בר. 708 א. ר., דעם 5־טען מערץ, איז דיסקוטירט געווארען די פראגע: וואס איז די אויפגאבע פון באסטאן דיסטריקט ארג. קאמיטע? צי איר אויפגאבע איז צו פארשפרייטען בילדונג אין די ברענטשעס, אדער אויסצונוצען די ברענטשעס פאר זייערע פערזענליכע צוועקען?

ביי אונזער מיטינג, דעם 5־טען פעברואר, האט זיך באוויזען פר. באקסיר, דער סעקר. פון באסטאן דיסטריקט ארג. קאמיטע. קענטיג ער האט געוואוסט, אז מיר גייען שטימען פאר א דעלעגאט צו דער ניו־יארקער קאנפערענץ און צו דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע), און ער האט אונז רעקאמענדירט פר. פרימאן, פון בר. 39 א. ר., אז ער זאל אונזער ברענטש פארטרעטען. איינינע מיטגלידער האבען זיך אויסגעשפראכען, אז אזוי ווי מיר ווייסען נישט ווער פר. פרימאן איז, איז גלייכער אין גאנצען נישט צו שטימען. דא האט שוין געציינט פר. באקסיר, אז ער אינטערעסירט זיך מיט'ן א. ר. און — פר. פרימאן איז ערוויילט געווארען פאר א דעלעגאט פון אונזער ברענטש. ביים זעלבען מיטינג איז אפגעגעבען געווארען א באריכט פון א קאמיטע וועגען א לעקטשור. אזוי ווי בר. 708 האט נישט קיין געלט און די די אידען פון קווינסי לעבען איצט איבער א שלעכטע צייט, קענען מיר זיך נישט ערלויבען צו האבען א לעקטשור, וואס זאל אונז קאסטען $30. פר. באקסיר דערהערענדיג דאס, האט אונז פארגעשלאגען צו שיקען א לעקטשורער פון דער דיסטריקט קאמיטע, פר. וויקטארסאן פון באסטאן. זייער פיין. מיר האבען גלייך געמאכט דעם דאטום אויף דעם 19־טען פעברואר און ער האט פארשפראכען אים צו שיקען. מיר האבען נעדונגען דעם האל, נעדרוקט טיקעטס און הענדבילס, און פארקויפט טיקעטס. און שטעלט זיך פאר די שאנדע פון א ברענטש, אז מ'פארקויפטע טיקעטס צו א לעקטשור און

דער לעקטשורער קומט נישט. (מיר ווילען דא באמערקען, אז מיר האבען געשיקט פר. באקסער א טיקעט און א הענדביל גלייך ווי מיר האבען זיי געמאכט.) מיר זיינען דערגאנגען, אז פר. באקסער האט גאר נישט געלאזט וויסען פר. וויקטארסאן, אז ער האט אראנזשירט א לעקטשור ביי אונז אין ברענטש מיט וויקטארסאן אלס לעקטשורער. מיר ווילען וויסען, ווער עס צאלט די אויסגאבען פון סעקר. פר. באקסער פון באסטאן דיסטריקט קאמיטע פאר קענוועסען שטימען. מיר פאדערען אויף דער דיסטריקט קאמיטע צו ענטפערען אויף דעם.

בר. 708 קווינסי, מאס.: י. מאטקאווסקי, סעק.

## א בריף צו א ברענטש סעקרעטער

א. ר. ברענטש 53.

ווערטער פריינד סילבערגליד:

זייענדיג 9 מאנאטען אין דעם א. ר. סאניטאריום, וואלט איך זייער וועלען אויסדריקען מיין הארציגען דאנק פאר דער גוטער באהאנדלונג און הילף, וואס איך האב דארטען געקראגען. לויט דעם ראט פון דר. האלפערן און דר. אנטאנאוויסקי, האב איך געמאכט אן אפליקאציע פאר אריינעמען מיר אין דער אידישער רעליף אסאסיאיישאן אין לאס־אנדזשעלעס, קאל., און דער רעזולטאט איז, אז איך פארלאז ניו־יארק.

אין דער זעלבער צייט, וואלט איך אויך וועלען מאכען א באמערקונג פאר דעם בענעפיט פון די עקס־פאציענטען. פריינט, ווען איך בין געווען אין ליבערטי, האב איך איינגעזען אז עס איז דא זייער א פארשאלטענע פראגע אין דעם א. ר. און אז איר וועט מיר געבען א מעגליכקייט, וועל איך אייך קלאר מאכען וואס איך מיין.

ווען די צייט פון א פאציענט ענדיגט זיך אין סאניטאריום, דאן פילט ער אז ער איז זייער אין אן אומאנגענעמען צושטאנד. ער דענקט וועגען דעם, וואס ער קען אויפטאן אין דער צוקונפט, ניט קוקענדיג וואס ער איז קראנק און ניט אין גאנצען אויסגעהיילט. עס איז גאר ניטא קיין רייד וועגען גיין צו דער ארבעט, אבער דאך באגרייפט ער דעם ארימען צושטאנד, אין וועלכען זיין פאמיליע געפינט זיך און זיינע געפילען ווירקען אזוי אויף אים, אז ער פארגעסט אן זיך אליין. ער וויל ארבעטען און מאכען א לעבען. און ווען ער ארבעט, לאמיר זאגען, פאר עטליכע וואכען, געפינט ער זיך אזוי שלעכט אין געזונט, אז די 9 מאנאטען אין סאניטאריום זייענען אין גאנצען ווי פארלארען. דער טעות קומט ארויס פון דעם, וואס דער א. ר. אינטערעסירט זיך ניט אין די געפילען פון דעם פאציענט נאך דעם ווי ער פארלאזט דעם סאניטאריום. דער גענעראל־אפיס טוט זיין פליכט, ווי אויך דער ברענטש. זיי גיבען אים בענעפיט און אויך 9 מאנאטען אין סאניטאריום. מען קען גארניט האבען צו זיי, ווייל דער פאציענט איז ניט בארעכטיגט צו מער. דאן איז דער איינציגער אויסוועג צו באגיין זעלבסטמארד; דאן וועט ער קריגען א פלאץ וואו באגראבען צו ווערען און אויך אינשורענס. פריינט, איר ווייסט, אז עס איז טרויעריג ווען אין אן ארגאניזאציע פון 85,000 מיטגלידער זאל ניט אויסגעארבעט ווערען א וועג צו פארבעסערען דעם צושטאנד. דעם פונקט האט מען אינגאנצען פארגעסען, ווען מען האט געמאכט די קאנסטיטוציע. דעם איינציגען ענטפער, וואס מיר קריגען צו אט דער פראגע, איז תמיד: „עס איז צו שלעכט". דאס דארף ניט זיין. עפעס דארף געטאן ווערען פאר דעם בענעפיט פון דעם עקס־פאציענט.

ש. גאלדבערג, בר. 53.

---

געשעצטער פר. רעדאקטאר י. ב. ביילין:

צו דער פראגע, „ווי אזוי פארהיט מען, אז מיטגלידער, ווי קליין אויך זייער צאל זאל ניט זיין, זאלען וואס ווייניגער האבען די מעגליכקייט צו באניצען זיך מיט קראנקען־בענעפיט, ניט זייענדיג בארעכטיגט דערצו", וועלכע איז באריכט געווארען אין „פריינד" מיט אייניגע יאר צוריק, איז זיך נייטיג נאך אמאל אומצוקערען.

עס שטעלט זיך גלייך א פראגע: פארוואס שטייען די באאמטע, וועלכע „הענדלען" די בר.־פינאנסען, אונטער באנדס, און זיינען אונטער פעריאדישען קאנטראל אין דער צייט ווען א האספיטאלער איז כמעט צו קיינעם ניט פאראנטווארטליך? ווייניגסטענס האט דער ארדען קיינעם ניט אויטאריזירט דעם האספיטאלער צו קאנטראלירען. איז ער דאך אויך ניט מער ווי א מענטש, ווי א סעקרעטער און טרעזשורער, למשל . . . — ניט תמיד העלפען „אפעלאציעס" צו די מאראלע געפילען.

איך וואלט, אין קורצען, רעקאמענדירט אן אנטשפרעכענדען בוך פאר האספיטאלער: — אזוי גיך ווי א מיטגליד מעלדעט זיך קראנק, זאל דער האספיטאלער גלייך איינשרייבען אין דעם בוך דעם דאטום, אין וועלכען די מעלדונג איז דערהאלטען געווארען, און גלייך צושיקען צום סעקר. פון ברענטש א קאפיע. אט דעם בוך, ווי אויך דעם „פאסטאל קארד בוך פאר האספיטעלער", זאל דער האספיטאלער זיין פארפליכטעט מיטצוברענגען צו די ברענטש־מיטינגען, און זאלען זיי אויך זיין פריי צו יעדער צייט פאר קאנטראל.

איך האף, אז מיט אזא פארזיכטס־מיטעל וואלטען זיך די ברענטשעס פארשפארט א סך צרות, איבערהויפט יענע ברענטשעס, וואס צאלען לאקאלע בענעפיטס.

עס וואלט אויך ניט געווען איבעריג צו רעקאמענדירען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע זאל ארויסשיקען א ספעציעלען בריף דורך די ברענטשעס צו די האספיטעלער, זיי צו ציען צו פאראנטווארטליכקייט נאכצוקומען סטריקט אלע נייטיגע רולס.

וואלף אייזנער

## רעזאלוציע פון בר. 548 א. ר.

מיר, די מיטגלידער פון בר. 548, פארזאמעלט ביי א ספעציעלען מיטינג, פרייטאג, דעם 7־טען אפריל, צו שטימען דעם באלאט פאר נאציאנאלע עקז., האבען באשלאסען פאלגענדעס:

1) נעמענדיג אין אכט, אז פר. בולגאטש איז אויסגעשלאסען געווארען פון דער נאצ. עקזעקוטיווע אויפ'ן גרונד פון שווערע באשולדיגונגען;

2) און אויך נעמענדיג אין אכט, אז א מענטש מיט אזא רעקארד קען ניט פארשאפען קיין כבוד דעם א. ר., ווען ער זאל צוריק אוועקגעשטעלט ווערען אן דער שפיץ פון אונזער ארדען, —

זיי עס באשלאסען, אז אונזער ברענטש פראטעסטירט געגען דער גרופע, וועלכע האט ארויסגעשטעלט זיין קאנדידאטור ביי דער פאר־קאנווענשאן.

די רעזאלוציע איז דורכגעגאנגען איינשטימיג.

פ. האזענטאל, סעק.

פון דער רעדאקציע: זע דעם ענטפער וועגען בולגאטש'ען פון דער עקז. קאמ. אין אפריל נומער „פריינד".



## ארבייטער רינג ביבליאטעק

קוקט איבער דעם צעטל און זעט וואס אייך פעלט.

1) די וועלט און די מענשהייט (געזאמעלטע לעקציעס). אויספארקויפט.
2) גאנץ אמעריקא, פון פיליפ קראנץ. אויספארקויפט.
3) באטאניק, פון א. ש. זאקס — — — — 40 ס.
4) היגיענע, פון דר. א. י. מעריסאן — — 40 ס.
5) טרייד־יוניאניזם, פון דר. ל. לעווין — — 40 ס.
6) סאציאליזם, פון דר. ח. זשיטלאווסקי — 40 ס.
7) פיזיק, פון דר. אב. קאספע — — — 40 ס.
8) אסטראנאמיע, פון דר. ב. האפמאן — אויספארק.
9) געאלאגיע (2 טייל), פון דר. אב. קאספע — 80 ס.
10) פאליטישע עקאנאמיע (2 טייל), פון א. ש. זאקס. אויספארקויפט.
11) פאליטישע עקאנאמיע (3־טער טייל), פון א. ש. זאקס — — — — — — $2.50
12) פיזיאלאגיע (3 טיילען), פון דר. א. י. מעריסאן — — — — — — — — — — $1.80
13) זאאלאגיע, פון דר. ב. האפמאן — — — $3.50
14) כעמיע, פון ס. פיינסטאן — — — — — $2.50
15) אריפמעטיק, פון ה. בורגין — — — — $3.00
16) די פיזישע ערציהונג פון קינד, פון ה. סאלוצקי — — — — — — — — — — $1.50
17) קאאפעראציע, פון א. סטאלינסקי — — $1.50
18) קארל מארקס (ביאגראפיע) — — — — $1.00
19) די אידישע ארב.־רינג שולען, פון יעקב לעווין — — — — — — — — — — 20 ס.
20) די פאגראמען אין אוקראינע, פון פראפ. איליא חפין — — — — — — — — $2.00
21) שפילען פאר קינדער, פון י. שטיינבוים — $1.50

פאר מיטגלידער פון ארבייטער־רינג קאסטען אלע ביכער א העלפט.

## VALUATION EXHIBIT

### ASSETS—Actual and Contingent.

| | |
|---|---|
| dmitted Assets, less General and Funds not available for claims...... | $1,816,684.40 |
| Total ........................................ | $1,816,684.40 |
| mount of General or Expense Fund | Overdrawn |
| mount of "Non-Admitted Assets".. | $137,486.13 |

### LIABILITIES—Actual and Contingent.

| | |
|---|---|
| resent Mid-Year Reserve.................. | $1,337,762.00 |
| ccrued Liabilities, less those chargeable against funds excluded from Item 24....................................... | 65,514.47 |
| et Sick and Accident Fund.............. | 224,292.93 |
| Total ........................................ | $1,627,569.40 |
| ccrued Claims on General or Expense Fund........................................ | $79.05 |
| ssets to Liabilities.............................. | 111.62% |

The above Valuation indicates that on the basis of the National Fraternal Congress table of mortality with interest at four per cent, the future assessments of the society, at the net rates now being collected, together with the now invested assets, are sufficient to meet all certificates as they mature by their terms, with a margin of safety of $189,115 (or 11.62%) over and above the statutory standards.

I HEREBY CERTIFY that the above Valuation Exhibit, setting forth the condition of THE WORKMEN'S CIRCLE as of December 31, 1921, has been prepared by myself in accordance with the requirements of statute, and that the same is correct and true to the best of my information, knowledge and belief.

GEORGE DYRE ELDRIDGE,
Actuary.

Boston, Massachusetts,
April 10, 1922.

---

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULA-ON, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST 24, 12, of The Friend, published monthly at Passaic, N J., for April t, 1922.

State of New York, County of New York, SS:

Before me, a Commissioner of Deeds, in and for the State and county oresaid, personally appeared Isreal B. Ballin, who, having been duly orn according to law deposes and says that he is the Managing Editor The Friend and that the following is, to the best of his knowledge and lief, a true statement of the ownership, management )and if a daily per, the circulation), etc., of the aforesaid publication for the date own in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, bodied in section 442, Postal Laws and Regulations, printed on the verse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing itor, and business managers are:

iblisher: The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. City.
litor: I. B. Ballin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
anaging Editor: I. B. Ballin, 175 E. Broadway, N. Y. City.
isiness Manager: Joseph Baskin, 175 E. Broadway, N. Y.

2. That the owners are The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, . Y. City, fraternal organization; no stockholders.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of tota amount of bonds, mortgages, or other securities are: None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder and security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, associated 1912, of The Friend, published monthly at Passaic, N. J., for April 1st the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

Sworn to and subscribed before me this 14th day of April, 1922.

I. B. BAILIN.

(Seal) JULIUS EPSTEIN, Com. of Deeds.

(My commission expires Jan. 18, 1923.)

# FRIEND

# פריינד



## אינהאלט.



---

**THE FRIEND**
**Official Organ of the Workmen's Circle**
**AUGUST, 1922**

---

**דער פריינד**
אָפיציעלער אָרגאַן פון ארבעטער־רינג
אויגוסט, 1922

# THE FRIEND

OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
331 Pennington Ave., Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND



דער פריינד

VOL. XIII. AUGUST, 1922 No. 8

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**דער קאָנווענשאָן רעפערענדום** איבער 400 בראַנטשעס האָבען זיך באַטייליגט אין דער רעפערענדום־אָפּשטימונג, אָבוואָל די צאָל מיטגלידער, וועלכע האָבען גענומען אַן אנטייל אין רעפערענדום, איז פאַרהעלטניסמעסיג געוועזען אַ גאַנץ קליינע, אָבער דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז אַ גאַנץ ערפרייענדער, און ער האָט אַן איבעריגען מאָל איבערצייגט, אַז די ברייטע מיטגלידערשאַפט פון ארבעטער־רינג באַגרייפט די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציע, און אַז זיי האָבען געשטימט אַזוי ווי זייער געוויסען און שכל האָט זיי אָנגעצייגט. אַזוי, צום ביישפּיל, איז דורכגעפאַלען דער פּונקט וועגען אָנפאַנגען צו שאַפען אַ פאָנד פאַר אַן „אָלד אײדזש האָום". די מיטגלידערשאַפט האָט אויך גוטגעהייסען די רעקאָמענדאַציע פון דער עקזעקוטיוו, אַז דער איינס פּראָצענט איינטריטס־געלט פון נייע מיטגלידער זאָל פאַר די נעקסטע עטליכע יאָר פאַרטאָן ווערען אויף די אַלע דעפיציטען, וועלכע האָבען זיך אָנגעקליבען אין די פאַרשידענע פאָנדס. די רעגעלע יערליכע קאָנווענשאָנס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען, ווייל אונטער איצטיגע אומשטענדען איז ניטאָ קיין נויטווענדיגקייט צו האָבען יערליכע קאָנווענשאָנס און אויסברענגען אַזוי פיל געלט, מיט וועלכע אונזערע קאָנווענשאָנס זיינען פאַרבונדען.

די נייע פּרינציפּען־ערקלערונג, וועלכע זאָגט אויסדריקליך און דייטליך וואָס דער ארבעטער־רינג איז און וואָס ער פאָדערט פון זיינע מיטגלידער, איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַן אומגעהייערער מערהייט, פיל מער ווי די פּראָפּאָרציע צוויי צו איינס, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס געגען אָט דער פּרינציפּען־ערקלערונג איז געפירט געוואָרען אַ שענדליכער קאַמפּיין און מען האָט געטרייט מיט אַלע פאַלשע וועגען און אומזויבערע מעטאָדען צו פאַרטומלען די מוחות פון אונזערע מיטגלידער און איינריידען זיי, אַז די דאָזיגע פּרינציפּען־ערקלערונג קאָן איינגעפּאַסט ווערען אין די ראַמען פון אַ רעפּובליקאַנער אָדער דעמאָקראַטישער פּלאַטפאָרמע. נאָר מענטשען מיט אומערליכע אַבזיכטען האָבען געקענט אַזוי אויסטייטשען דעם פּונקט, וועלכער זאָגט, אַז אַ מיטגליד פון אַ. ר. איז אין דער צייט פון וואַלען פאַרפּליכטעט צו שטימען פאַר די פּאַרטייען, וואָס שטעלען אַרויס אין זייער פּראָגראַם „די איינפירונג פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער פרייהייט". יעדער איינער, וועמעס מאַרך ס'איז ניט פאַרדאָרבען, און וועלכער באַזיצט עטוואָס אויפריכטיגקייט, וועט פאַרשטיין, אַז דאָס הייסט אין אַנדערע ווערטער, אַז די אַ. ר. מיטגלידער דאַרפען שטיצען די פּאַרטייען, וועלכע האָבען אַלס ענד־ציל די אָפּשאַפונג פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. ווען זאָגאַר דער אויסדרוק וואָלט געווען ניט אַזוי דייטליך, וואָלט יעדער איינער פאַרשטאַנען, אַז דאָס באַצוועקט די נייע פּרינציפּען־ערקלערונג. דאָס איז געוועזען דער געדאַנק פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווען זי האָט אָט די פּרינציפּען־ערקלערונג געבראַכט צו דער קאָנווענשאָן; אַזוי האָבען דאָס באַגריפען די דעלעגאַטען צו דער 22־טער יערליכער קאָנווענשאָן און אַזוי האָט עס פאַרשטאַנען די ברייטע מיטגלידערשאַפט.

עס איז דערפרייענד, זאָגען מיר, דער פאַקט, אַז אונזערע מיטגלידער לאָזען זיך ניט פאַרפירען פון פאַרלוימדונגען און אַטאַקעס געגען אונזער פאַרוואַלטונג. מיט אַ גאַנץ אומגעהייער מאַיאָריטעט האָבען די מיטגלידער באַשלאָסען צו שטיצען דעם „בונד", די ראַנד סקול, די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, געגען וועלכע אונזערע „לינקע" האָבען אָנגעפירט אַזאַ העפטיגען קאַמפּיין. אין אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז די ברייטע מיטגלידערשאַפט האָט געגעבען איר פולען צוטרויען צו דער קאָנווענשאָן און אירע רעקאָמענדאַציעס.

* * *

**די באָסטאָנער דיסט. קאָם. און די גרופּע „פרייהייט"** די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט אויפגעלייזט די באָסטאָנער דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, און אויפגעלייזט האָט זי זי ווייל זי איז ניט נאָכגעקומען די פליכטען און אויפגאַבען, וועלכע אַ דיסטריקט קאָמיטע דאַרף דערפילען. די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס זיינען די דירעקטע שלוחים פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. די טוער און די פירער פון דער דיסטריקט קאָמיטע זיינען די יעניגע, וועלכע דאַרפען דורכפירען די אַרבעט פון דער עקזעקוטיוו אין די לאָקאַלע פּלעצער. ווען די נאַצ. עקזעקוטיוו פירט אָן, לאָמיר זאָגען, אַ קאַמפּיין פאַר רעליף, איז די פליכט פון דער דיסטריקט קאָמיטע צו זען אַז דער דאָזיגער קאַמפּיין זאָל דורכגעפירט ווערען אין אַ פולער מאָס, און עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס דאַרף דורכגעפירט ווערען לויט די אינסטרוקציעס און פּאָליסים פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. ווען אָבער אַ דיסטריקט קאָמיטע שטעלט זיך אַוועק פיינדליך צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו און אַנשטאַט צו העלפען איר שטערט זי די אַרבעט, אַנשטאָט צו זייען צוטרויען און רעספּעקט צו דער פאַרוואַלטונג פון אַ. ר. פאַרשפּרייט זי גאָר מיסטרויען און העלפט אויף יעדען שריט און טריט באַשמוצען און פאַרלוימדען אָט די פאַרוואַלטונג, אונטער וועמעס רשות זי שטייט, דאַן, פאַרשטייט זיך, קאָן אַזאַ דיסטריקט קאָמיטע ניט פאַררעכענט ווערען אַלס אַ פאַררעטערין פון דער עקזעקוטיווע. זי מוז באַטראַכט ווערען אַלס אַ פיינדליכע אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער די נאַצ. קאָם. מוז איבעררייסען אַלע פאַרבינדונגען.

די טוער פון דער דיסטריקט קאָמיטע אין באָסטאָן, מיט זייער טשערמאַן אָן דער שפּיץ, האָבען אין פאַרלויף פון אַ גאַנץ יאָר אָנגעפירט ביי יעדער געלעגענהייט אַ קאַמפּיין געגען דער עקזעקוטיוו, געגען אירע טוער, און האָבען קיין זאַך ניט געהאָלפען דער עקזעקוטיוו אין איר קאַמפּיין צו שאַפען געלט פאַר די רוסישע הונגעריגע און זען אַז די בראַנטשעס פון זייער דיסטריקט זאָלען שיקען זייערע געלדער אין גענעראַל־אָפיס. די בראַנטשעס, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער זייער דירעקטער קאָנטראָל, האָבען טאַקע קיין איין סענט ניט געשיקט אין אָפיס פאַר רעליף. זיי האָבען איינפאַך ניט געטרויט דער עקזעקוטיוו. די פאַרוואַלטונג פון אַ. ר. איז ניט געווען גענוג גוט פאַר זיי, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס נאָך בעפאָר יאַנואַר 1922 איז שוין אין דער פּרעסע אָפיציעל געווען געמאָלדען, אַז דער אַ. ר. האָט געשיקט דירעקט קיין רוסלאַנד עסענוואַרג פאַר די הונגעריגע. ווען זיי האָבען זיך געגרייט דורכצופירען אַ „טעג־דעי" אין באָסטאָן פאַר די הונגעריגע אין רוסלאַנד, האָט מען געשטעלט אַן אולטימאַטום, אַז די געלדער קענען ניט גיין דורך דעם גענעראַל־אָפיס, נאָר די געלדער מוזען גיין דורך אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע.

מיר ווילען ניט וואַרפען קיין חשד אויף וועמען ניט איז און זאָגען אַז יענע אָרגאַניזאַציעס האָבען ניט אָפּגעגעבען די געלדער פאַר די הונגעריגע. אָבער איין זאַך איז קלאָר, אַז דער אַרבעטער־רינג, באַזיצענדיג זיין גאַנצע מאַשינעריע, האָט אימער געהאַט מער מעגליכקייטען איבערצושיקען יעדען סענט וואָס ער זאַמעלט פאַר רעליף אויף יענער זייט ים, ווי די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע דאַרפען אויסגעבען אַ גאַנץ גרויסען פּראָצענט פון די

געזאמעלטע געלדער אויף אויפצוהאלטען אפיסעס און צאלען באאמטע, א. אז. וו.

די באסטאנער דיסטריקט קאמיטע האט זיך ניט אזוי געהאלטען בנוגע רעליף, נאר אויך ריין־ארגאניזאציאנס־ארבעט בנוגע דעם ארב. רינג איז פון זיי אפט פארנאכלעסיגט געווארען צוליב זייער שטענדיגער פאליטיק, וואס זיי האבען געפירט געגען דער פארוואלטונג. ווען דער א. ר. האט זיך פאראייניגט מיט דעם לייבאר־ליג און די עקזעקוטיוו האט זיך פארנומען א ברייטע ארגאניזאציאנס־טעטיגקייט אין מאסאטשוזעטס סטייט, האבען זיי אין דער ארבעט ניט געהאלפען, און די נאצ. עקז. האט אפגעדרוקט א ספעציעלען ליפלעט צו דער פראגרעסיווער אידישער באפעלקערונג אין מאסאטשוזעטס סטייט, האט די באסטאנער קאמיטע דעם דאזיגען ליפלעט קיינמאל ניט פארשפרייט.

עס פארשטייט זיך, אז די נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע האט אונטער אזעלכע אומשטענדען ניט געקענט לאזען די באסטאנער דיסטריקט קאמ. אלס איר פארטרעטער און האט איבערגעריסען מיט איר יעדע פארבינדונג. איינס פון דיביידע: אדער איר זייט די פארטרעטער פון דער עקזעקוטיוו און פאלגליך דארפט איר דורכפירען אלע אירע באשלוסען און פאליסיס, אדער איר זייט ניט איינפארשטאנען מיט דער עקזעקוטיוו, איז דאן אייער פלאץ צו רעזיגנירען און אנדערע וועלען פארנעמען אייער פלאץ.

די „פרייהייט", וועלכע פארגיסט קראקאדיל־טרערען און באשולדיגט די עקזעקוטיוו, אז זי האט אויפגעלייזט די באסטאנער דיסריקט קאמיטע צוליב דעם וואס זיי זיינען „לינקע", זאגט פשוט א ליגען. זיי ווייסען גאנץ גוט, אז עס זיינען פאראן אנדערע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, וועלכע זיינען ניט איינפארשטאנען פאליטיש מיט די פירער פון דער עקזעקוטיוו און פונדעסוועגען האט מען זיי ניט אויפגעלייזט, ווייל זיי האבען געטאן זייער ארבעט פאר דעם א. ר., און דער וואס טוט זיין ארבעט געטריי און ערליך דער איז ווילקאמען צו דער פארוואלטונג, מעג ער זיך זיין פון וועלכער ריכטונג אדער שאטירונג.

עס איז אויך ניט אמת, ווען מען וויל מאכען דעם איינדרוק, אז די עקזעקוטיוו האט ניט אינסטאלירט די גרופע „פרייהייט" אין באסטאן נאר צוליב דעם, ווייל זיי האבען זיך גענאלט רופען „פרייהייט" ברענטש. אויב דאס זאל זיין דער פאל, טא ווארום האט די זעלבע עקזעקוטיוו אינסטאלירט א ברענטש מיט דעם נאמען „פרייהייט" אין ניו־יארק, אין טאראנטא און אין אנדערע פלעצער? און די „פרייהייט" האט דאך עדיטאריעל באגריסט די גרינדונג פון א „פרייהייט" ברענטש.

טא ווארום האט די עקזעקוטיוו געמאכט אן אויסנאם מיט באסטאן? די אורזאך איז גאר אן איינפאכע. זיי זיינען ניט אינסטאלירט געווארען ניט ווייל זיי זיינען „לינקע", נאר דערפאר ווייל זיי האבען געהאנדעלט אן א וועלכער ניט איז פאראנטווארטליכקייט בנוגע צום ארבעטער־רינג. מענטשען, וועלכע האבען נאך ניט אריינגעשטעלט א פוס אין דער ארגאניזאציע, קענען נאך ניט דעם א. ר., האבען נאך ניט איינגעצאלט קיין איין קווארטאל דיוס, האבען נאך ניט געקראגען דעם טשארטער, האבען שוין ארויסגעטראטען עפענטליך מיט פראטעסטען געגען דער פארוואלטונג פון א. ר. און געגען דער העכסטער אינסטאנץ — די קאנווענשאן. זיי האבען געהאט די חוצפה ארויסצוטרעטען עפענטליך ביי א פארזאמלונג און הייבען זייער האנט געגען דער קאנווענשאן און געגען דער גאנצער אדמיניסטראציע פון א. ר. נאך איידער זיי זיינען געווען מיטגלידער פון אונזער ארגאניזאציע. פארשטייט זיך, אז געשלעפט צו אט דער טאט האט זיי די באסטאנער דיסטריקט קאמיטע, אדער בעסער געזאגט, די זעלבע טוער פון דער באסטאנער דיסטריקט קאמיטע, וועלכע האבען אימער און אומעטום אנגעפירט זייער פארלוימדערישער טאקטיק געגען דער פארוואלטונג. יעדע ארגאניזאציע, וועלכע האט נאר דעם קלענסטען רעספעקט צו זיך, וואלט ניט געדולדעט אין אירע רייען אזעלכע אומפאראנטווארטליכע עלעמענטען. און די עקזעקוטיוו האט געטאן דאס, וואס זי האט געדארפט טאן — ניט געגעבען זיי דעם טשארטער, ווייל זיי זיינען ניט פאסענד צו זיין א ברענטש פון דעם א. ר.

* * *

**גרייט זיך!**

אפיציעל וועט די נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע עפענען דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין פאר 100 טויזענט מיטגלידער אין א. ר. דעם ערשטען אקטאבער.

עס דארף דורען ביז די נייע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס וועלען זיך צופאסען צו דער ארבעט און אריינגיין אין קורס.

דער פלאן פאר א שטורעמדיגען קאמפיין איז שוין נעווארען אויסגעארבעט פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציאנס־קאמיטע אין אלע איינצעלהייטען. יעדער ברענטש וועט קריגען צוגעשיקט זיין קוואטא, וויפיל עס וועט אים אויסקומען אריינצונעמען מיטגלידער אויף זיין חלק. עס ווערט צוגעגרייט א שיין־העמערעל (פאר'ן ברענטש טשערמאן) אלס אנערקענונג צו ברענטשעס, וואס וועלען אריינגעמען 15 אדער מער נייע מיטגלידער. די מיטגלידער, וואס וועלען אריינברענגען 5 אדער מער נייע מיטגלידער וועלען באלוינט ווערען מיט א קונסטפולען „פאב".

אויסער דעם וועט ווערען געפירט אן ענערגישער קאמפיין אין די אידישע יוניאנס. קיינע פון זיי וועט ניט דורכגעלאזען ווערען. מיטגלידער פון דער נאצ. עקזעקוטיווע און פון די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס וועלען באזוכען די יוניאן־מיטינגען און פאנאנדערוויקלען די פאן פון א. ר. — די פאן פון זעלבסט־הילף, פריינדשאפט און סאציאליזם.

דערווייל, אבער, דארפען אלע אונזערע מיטגלידער, אן אויסנאם, צוגרייטען א גינסטיגען באדען פאר דער ארבעט. רעדט מיט אייערע פריינד! דערציילט זיי וועגען דעם א. ר., וועגען זיינע אינסטיטוציעס און פרינציפען, וועגען זיינע אויפטואונגען און ערפארונגען, אזוי אז ווען אונזערע וועטעראן־אגיטאטארען וועלען דערנאך זיי דערגרייכען זאלען שוין זייערע דייך פאלען אויף א גינסטיגען, צוגעגרייטען באדען.

גרייט זיך צו דעם גראנדיעזען קאמפיין!

* * *

**פאר'ן קאמפיין פון האיאס**

אין מיטען פון אונזער אנגעשטרענגטער ארבעט אין די פארשידענע רעליף־קאמפיינס, וואס מיר פירען — פאר די רוסישע הונגעריגע, פאר די חרוב'ע אידישע ארבעטער־אינסטיטוציעס אין אונזערע אלטע היימען, פאר'ן ביכער קאמפיין, פאר די סטרייקענדע מיינערס, א. א. וו., איז א היבש ביסעל פארטונקעלט געווארען די באדייטונג פון דעם קאמפיין, וואס מיר האבען געפירט און פירען נאך איצט אויך פאר'ן „האיאס".

עס איז פאבדריסליך, און א פארלעצונג פון אונזער ווירדע, וואס מיר האבען אט אין דעם האיאס קאמפיין ניט געמאכט קיין ערפאלג. מיר זיינען שוין אזוי צוגעוואוינט, אז אונזערע קאמפיינס זאלען זיין אין אלע הינזיכטען געראטען, אז מיר קענען זיך פשוט ניט פארגעבען וואס מיר האבען ביז איצט דעם האיאס קאמפיין ניט אריינגענומען אין זייער כלל.

און צווישען די אלע וויכטיגע קאמפיינס, וואס מיר פירען (קיין אומוויכטיגע פירט דער א. ר. ניט) פארנעמט ניט דער קאמפיין פאר'ן „האיאס" דעם אומבאדייטענדסטען ארט. די גוטע ארבעט פון דער ארגאניזאציע איז צו פיל באקאנט, אז מיר זאלען דארפען אין די שורות וועגען דעם מאריך זיין. ווער פון אונז האט דאס ניט קיין נאענט בלוט צווישען די צענדלינער טויזענטער אידישע פאמיליעס, וואס שטייען מיט'ן וואנדערשטעקען אין האנט? ווער פון אונז ווייס ניט די הילפסלאזיגקייט און טראגישע לאגע פון דעם אידישען אימיגראנט?!

אונזער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע נעמט זיך איצט מיט א ספעציעל־פארמאסטענעם כח צו שאפען 50 טויזענט דאלער פאר'ן „האיאס". זאלען זיך אלע אונזערע ווילענס און כחות צוזאמענלייגען זיך און העלפען איר דאס צו פארווירקליכען.

ווען ניט וועלען מיר זיך דארפען שעמען . . .

* * *

**א מתנה פון א. ר. פאר סאוויעט רוסלאנד**

צו די קאמפיינס, וואס דער א. ר. האט אנגעפירט אין דער לעצטער צייט פאר סאוויעט רוסלאנד, צו די אנשטרענגונגען, וואס זיינען געמאכט געווארען פון א. ר. צו העלפען די הונגעריגע אין דער רעוואלוציאנערער לאנד, קיימט נאך צו א שיינער שטריך, נאך א גוטער אויפטו. די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון א. ר. האט לעצטענס באוויליגט 3360 ביכער פון דעם א. ר. פארלאג אין דעם ווערט פון איבער $5000 פאר די אידישע ביבליאטעקען אין רוסלאנד. די ביכער זיינען איבערגעגעבען געווארען צו דעם ספעציעלען קאמיטעט, וואס

(שלוס אויף זייט 16.)

# איינינגע אינטערעסאנטע ציפערן

פון י. ב. ביילין

די מאטעריאלען פון דעם סטאטיסטישען דעפארטמענט פון א. ר. זיינען שוין ניט איינמאל אויסגענוצט געווארען פון פארשידענע סאציאלע פארשער. אזא גרויסע ארגאניזאציע ווי דער א. ר. איז א גוטער אביעקט פאר וויכטיגע סטאטיסטישע אויסרעכענונגען און עס איז א גרויסער שאדען, וואס אונזער מיטגלידערשאפט שענקט אזוי ווייניג אויפמערקזאמקייט צו די מאטעריאלען, וואס ווערען יעדען יאר פארעפענטליכט אין דעם מאי נומער „פריינד“.

איבערהויפט ווערען קלאר פון די ציפערען אזעלכע עניינים וועגען וועלכע יעדערער, וואס האט נאר געהאט א האנט מיט א פוס, האט געמאכט זיכערע באהויפטונגען און איר האט געמוזט נעמען די באהויפטונגען אלס גוטע רענדלאך. וויפיל מאל האט מען אונז פארזיכערט, אז דער ארבעטער־רינג באנוצט זיך מיט א פאלשען פאספארט, ווייל פאקטיש געהערען שוין צו אים מערסטענס ביזנעס־לייט און גאר ווייניג ארבעטער. מיר האבען דאס אויסגעהערט און ביי זיך אין הארצען טאקע געפילט, אז א גרויסער שטיק אמת איז פאראן אין דער באהויפטונג. ווייסען מיר דאך טאקע, אז אין די קלענערע שטעטלאך, אין דער סאוט און אין דער וועסט, און אפילו אפט אין דער איסט, איז שווער צו געפינען א אידישען ארבעטער אפילו „אויף א רפואה“. און שטיצענדיג זיך אויף דעם האבען מיר שוין ארויסגעטראגען א גזר־דין אויף דעם ארבעטער־רינג.

אויף זייט 73 פון דעם מאי נומער „פריינד“ איז געגעבען געווארען א פינקטליכער און גענויער ענטפער אויף דער פראגע. פון א מיטגלידערשאפט פון 83,106, צעגלידערט לויט די באשעפטיגונגען, ווייזט זיך ארויס, אז מיר האבען אין א. ר. 9,284 ביזנעס־לייט, אדער עטוואס מער ווי 11 פראצענט.

ווען מיר נעמען נאך אין אכט, אז ניט יעדער ביזנעס־מאן אין אן עקספלואטאטאר, אז פארקערט, די גרעסטע צאל פון זיי זיינען קליינע סטאר־קיפערס און פעדלערס, וואס באשעפטיגען ניט קיין ארבעטער, , ווערט קלאר, אז דערווייל איז זיך ווייט נישטא וואס צו שרעקען, אז דער א. ר. זאל ווערען דאמינירט פון קאפיטאליסטישע, אדער אפילו פון קליינבירגערליכע אינטערעסען.

פון דער זעלבער טאבעלע דערוויסען מיר זיך נאך איינינגע וויכטיגע ציפערען, וואס ווייזען אונז ווי גרויס און אומערשעפליך עס איז נאך די ארבעטס־פעלד פאר'ן א. ר. פון אלע ארבעטער, וואס זיינען באשעפטיגט אין דער קליידער אינדוסטריע (מענער און פרויען שניידער, מילינערי, קעפ־מאכער, הענטשקעס), זיינען נאר אין א. ר. פאראן 26,997 מיטגלידער. מ'שאצט אפ אז עס זיינען פאראן ארום צוויי הונדערט טויזענט אידישע ארבעטער אין די דערמאנטע פאכען. דאס הייסט, אז מיר האבען נאר אנגערירט אן אכט־חלק פון דער גרעסטער אידישער אינדוסטריע.

די אמאליגע ס"ם און פועלי־ציון האבען אויפגעבויט גאנצע טעאריעס אויף דעם כלומר'שטען פאקט, אז אונזערע ארבעטער זיינען נאר שניידער־ און שוסטער־ארבעטער. אונזער טאבעלע ווייזט, אז מיר האבען אין א. ר. 1,793 מאשיניסטען, 3,422 מעטאל־ארבעטער, 4,308 מאלער (פיינטערס), 5,322 קארפענטערס און נאר 1,757 שוסטער. שוסטעריי ליגט, ווי עס ווייזט אויס, אין דר'ערד, אבער, אז מיר האבען נאך א גרויסע ריזען־ארבעט דורכצופירען ביי די שוסטערס איז קלאר ווי דער טאג. אין [illegible] געגען דאך פאראן מער ווי 1700 אידישע שוסטער־ארבעטער.

אויף ניט קיין זייער פרייליכע געדאנקען פירט אונז ארויף די סטאטיסטיק וועגען די שטערבליכקייטען אין א. ר. פאר'ן יאר 1921 — סיי בנוגע די פארשידענע פאכען און סיי בנוגע די אורזאכען פון טויט.

וויפיל האט מען דאס ביי אונז פארשריען אין דער בירגערליכער פרעסע די דרוקער־ארבעטער (פרינטער), אז זיי זיינען די אריסטאקראטען, אדער די פרינצען, ביי די אידישע ארבעטער. זיי קריגען „שרעקליך גרויסע“ שכירות, ארבעטען ווי „פריצים“ 6-7 שעה א טאג — מיט איין ווארט — עס איז זיי וואויל ווי די וועלט. שטעלט זיך ארויס אז די גרעסטע שטערבליכקייט איז נאך איצט אויך פאראן ביי די דרוקער־ארבעטער. פון 639 דרוקער־ארבעטער, וואס באלאנגען צום א. ר., זיינען אין יאר 1921 געשטארבען 5. דאס איז דער העכסטער פראצענט. עס קומט אויס 783 געשטארבענע אויף יעדע הונדערט טויזענט דרוקער, אין צייט וואס ביי די לעדער־ארבעטער מאכט נאר אויס די שטערבליכקייט 129 פון יעדע הונדערט טויזענט. דאס הייסט, אז די שטערבליכקייט ביי די דרוקער־ארבעטער איז מער ווי 6 מאל גרעסער ווי ביי די לעדער־ארבעטער.

א הויכער פראצענט פון שטערבליכקייט, גלייך נאך די דרוקער, איז אויך פאראן ביי די פאריערס — 678 פון יעדע הונדערט טויזענט. נאך זיי קומען די וועבער מיט א שטערבליכקייט פון 618 צו יעדע הונדערט טויזענט און די מוליארעס מיט א שטערבליכקייט פון 565 צו יעדע הונדערט טויזענט.

פארהעלטניסמעסיג קליין איז די שטערבליכקייט ביי די בעקער — 184 צו יעדע הונדערט טויזענט, ביי די מעטאל־ארבעטער — 175, און ביי די הויז־ארבעטער 171 צו יעדע הונדערט טויזענט. צום באדויערען קענען מיר פון דער טאבעלע ניט האבען קיין גענויען באגריף וועגען דער שטערבליכקייט אין דער שניידער־אינדוסטריע. דאס איז דערפאר, ווייל די טאבעלע איז קלאסיפיצירט אין אפערייטארס, שניידער, פרעסער און קאטערס. עס איז קענטיג, אז אין דעם רובריק שניידער גייען אריין פיל פון די אפערייטארס און אנדערע שניידער־מלאכות. עס איז דעריבער שווער צו פארשטיין פארוואס די שטערבליכקייט ביי די אפערייטארס איז 455 צו יעדע הונדערט טויזענט, אין דער צייט וואס ביי די אלגעמיינע שניידער איז עס נאר 257 צו יעדע הונדערט טויזענט און ביי די קאטערס נאך נידעריגער — 222. דערפאר איז דער מלאך־המות דער גרעסטער מחותן מיט די פרעסער, פון אלע ארבעטער אין דער שניידער־אינדוסטריע. זייער חלק צו יעדע הונדערט טויזענט איז 586 געשטארבענע אין איין יאר.

אין דער טאבעלע וועגען די אורזאכען פון טויט געפינען מיר גלייך, אז טובערקולאזיס איז נאך אלץ די גרעסטע פלאג צווישען ארבעטער אין אלגעמיין און צווישען אידישע ארבעטער איבערהויפט. פון די 297 געשטארבענע, וואס מיר האבען געהאט אין א. ר. פאר'ן לעצטען יאר, זיינען געווען 50 פון טובערקולאזיס, 46 פון האלדז־קראנקהייטען און 20 פון לונגען־אנטציינדונג (אלץ קראנקהייטען וואס האבען צווישען זיך א גרויסע שייכות). דאס ווייזט אן איבעריגען מאל וואס פאר א ווערט עס האבען די אלע רייד, אז דער א. ה. האט איין „ליבלינגס־קראנקהייט“, מיט וועלכער ער צערעמאניעט זיך צופיל און פארקוקט די הונדערטע אנדערע קראנקע. אונזער א. ר. סאניטאריום איז ניט געבויט געווארען ז'רך דעמס אדער יענעמס קאפריז, נאר איז ארויסגערופען געווארען צו לינדערען ווי ווייט מעגליך אונזערע מיטגלידער פון די באק־ציינער פון דער טובערקולאזיס חיה.

מ'פילט ווי א האמער וואלט א זעץ געטאן צווישען די אויגען, ווען מ'דערזעט, אז מיר האבען לעצטען יאר געהאט 17 זעלבסטמארדען אין א. ר. דאס איז זייער א הויכער פראצענט. איך האף זיך אומצוקערען צו דער פראגע אין איינעם פון די קומענדיגע נומערען.

# די שכנים פון צימער 39

סטודיע צום בוך: טויט

פון מלך ראוויטש

שוין אפילו שבת אין אווענט און גאר שוין זונטאג אין דער פרי פלעגט ווערען יום־טוב'דיג די שטימונג אין שפיטאל־צימער 38. זונטאג קומט אן דער דאקטער איבערגעטאן אין א בלאעם רעקעל, וואס דערמאנט די דרויסענדיגע וועלט, רעדען רעדט ער מער, קוקט נישט אזוי געניי אויף די פיבער־טעוועלאך און באמערקט אפט נישט אויף זיי דאס, וואס ער זעט אזוי דייטליך אין א מאנטאג אדער א דאנערשטאג. ער האָרכט וויינעגער צום שנארכען פון די לונגען; ווערט מען מוטיגער און מען פרעגט אים יענע וויכטיגע זיין־אדער־נישט־זיין־שאלות, וואס אין אן אנדערען טאג וואלט מען עס נישט געוואגט. און אז מען פרעגט, פעטשעלט ער אויף די אקסלען פון די קראנקע און זאגט א פאר האפערדיגע ווערטער, וואס מאכט ליכטיג אין די אויגען; און נאכמיטאג קומען צו־גאסט די מאמעס, און אויף זייערע פארזארגטע קעפ, וואס זיינען אריינגעשפארט אין די רונדליכע, קליינע פלייצעס, טרעסען זיך פליטערלאך פון די פארצייטיגישע הוטען. עס קומען די פרויען, די כלות און די קינדער. צו מיטאג איז דא צו שטיקלאך טארט, די שפיטאל־שוועסטערן דערציילען דא און דארט זייערע אלטע שפיטאל־וויצען, און אין צימער 39. אפילו אין שרעקליכען צימער 39, הערט מען נישט אום זונטאג פון נייע געשטארבענע.

כמעט פארטאג שוין שטייט אויף דער 40־יעריגער פאסטשרייבער גרובער, ווארפט אויף זיך ארויף דאס פארלאטעטע שפיטאל־כאלאטעל, פארוואשט זיך, טוט זיך איבער אין נייע וועש, פארקעמט די שיטערע, דא אין שפיטאל אויפגעוואקסענע, ברוינלכיע, קורצע באָרד (אלע־מאל ווען ער גייט ווידער ארויס פון שפיטאל גאלט ער זי אפ), גייט צו צו דער פראנט־זייט פון בעט און וואונדערט זיך עפּים איבער דער קרומער ווירע אויף דעם פיבער־טעוועלע, וואס אין זיין שטייגען אדער פאלען פילט ער די רעזולטאטען פון זיין שפיטאל־ליגען, אזוי ווי א סוחר, וואס קוקט פון צייט צו צייט אין די ציפערן פון די געשעפטס־ביכער און דערקענט פון זיי דעם גאנג פון זיין געשעפט. דאן לייגט ער זיך ווידער אין בעט אריין און ווארט, אז אלע איבעריגע קראנקע פון לאנגען, ווייסען צימער מיט די צוויי לאנגע בעטען־שורות, דער עיקר זיינע שטענדיגע צוהערער, זאלען ענדליך שוין אויפשטיין.

אין א האלבער שעה שפעטער זיצט שוין סוועטליק דער קירזשנער אויף דער רעכטער זייט, און קאטשור דער בעל־עגלה אויף דער לינקער זייט פון גרובערס בעט. פונקט אקעגענאיבער, אין דער צווייטער שורה פון די בעטען, פארביינגט דער ספארט־רעדאקטער ווילקע זיין קאפּ־קישעלע אזוי, אז דער קאפּ זאל אויסקוקען העכער, קוקט ער אריבער און ווארט אויף דעם שמועס, וואס הענגט שוין אין דער לופט.

פון דער ווייטען קלינגען און קלינגען אן אויפהער קלויסטער־גלאקען.

ווערט סוועטליק, דער אייביג הונגעריגער קירזשנער־געהילף מיט די בלאע אויגען און מיט זיין צעאקערטען, איידלען פנים, וואס דערמאנט דאס פנים פון אן אקטיאר, לעבעדיגער פון געדאנק פון זונטאגדיגען עסען, און פארפירט א ברייטען שמועס, דורכגעפלאכטען מיט די בעסטע עראינערונגען פון זיין ארים, איינזאם קירזשנער־לעבען. די דאזיגע זאכען דערציילט ער יעדע וואך און פילט א געשמאקען טעם בשעת דעם דערציילען די מעשיות, וועלכע ער ברענגט ארוים אלעמאל אויף אן אנדערען אופן, אלעמאל אנדערש אינטערעסאנט. אין זיין טיפער אינטעליגענטער שטימע איז דא בענקשאפט נאך עפּים נישט דערגרייכטען, נישט דערקענטען.

— יא, — באשטעטיגט אים ענדליך דער זעכציג־יעריגער קאטשור, וואס כאטש ס'איז שוין חודש יוני און ער זיצט איצט אין שטוב, האט ער אריבערגעצויגען דאס היטעל זיינס איבער די אויערן, גיט א צי ביי דער ליידיגער ליולקע (זינט ער איז אין שפיטאל רייכערט ער נאר ליידיגע ליולקעס) — און גרייט זיך צו צו דערציילען עפּים אן אינטערעסאנטע בעל־עגלה'שע מעשה.

אבער גרובער זיצט אנגעשפארט, שמייכעלט אונטער צום ספארט־רעדאקטער פון אקעגענאיבער און לאנגווייליגט זיך גאנץ רגע די סיטואציע פאר זיך א גינציגע, גיט ער זיך א פעסטען אפּען פון אזא מין שמועס, און אזוי ווי ער דערזעט אין דער זעץ אויף אין בעט, גיט א הוסטעל אונטער, שפייט אוים גראציעז, פאכמענעריש און געלאסען אין בלאען פלעשעלע אריין, וואס ער האלט עס אין בוזעם, צווישען העמד און כאלאטעל, ווי א איד האלט א טאבאק־שקעטעלע. דאן גיט ער זיך מיט דער רעכטער האנט א רייב איבער'ן גאנצען פנים, פון שטערען ביז אראפּ צו דער גאמבע, און בשעת־מעשה קוילערט זיך זיין לאקערער חופּה־רינגעל אויף דעם מאגערען פינגער און שאקעלט זיך אויף רעכטס און לינקס, רעכטס און לינקס, ווי א רעדעל פון א לייכט וועגעלע, אויף וועלכען עס ליגט א צו־שווערע משא. דאס לאקערע שטיקעל שרינטעל אויפ'ן קליינעם, מאגערען קעפּעל איז ציכטיג און ווייס.

— מיינע הערען, — הייבט ער אן, און אין דער רגע האלט ער שוין פעסט די משלה איבער'ן שמועס פונ'ם גאנצען הייניגען פארמיטאג אין זיינע הענט — די מעשה, אדער, בעסער געזאגט, די לעגענדע, אז אונזער ליידען איז א שווערערס פון אלע איבעריגע ליידען פון דער מענשהייט, האלט איך איינפאך פאר נ י ש ט א מ ת! —און שטרייכט אונטער די לעצטע צוויי ווערטער מיט זיין דינענקען, אויסגעשטרעקטען פינגער, וואס שטעקט אזוי אין דער האנט ווי א פעדער אין א פעדער־הענטעל. — אויך די אנשטעקיגקייט פון אונז „טובערער" איז, נאך מיין מיינונג, וואס שטיצט זיך אויף 20 יאר פראקסיס, א לעגענדע. שאט, האט עמי'ן פון אייך שוין אפשר געזען מיין פראנציז, דער יונג וועגט היינט צוויי מאל אזוי פיל ווי איך. פונקט נעכטען, איז געווארען 20 יאר פון יענעם טאג אן, ווען א דאקטער האט מיר דאס ערשטע מאל געזאגט, אז איך האב עפּים א צרה אין דער ברוסט. זינט דעמאלט שוועב איך ארום דעם טויט, טויט אהין, טויט אהער, אמאל כמעט שוין „פאזיטיוו" און ווידער „נעגאטיוו". אהא, זינט דעמאלט האב איך חתונה געהאט, געהאט דריי קינדער. אמת, אז אין די לעצטע צען־צוועלף יאר קרענק איך אונטער פונ'ם הערבסט ביז ארום מאי, היינטיגס יאר דויערט עס אביסעל לענגער, דערפאר הער איך טאקע רואיג אוים וואס דער דאקטער זאגט, אבער פארשטיי איך מער. למשל פון דעם דאזיגען „פאזיטיוו" און „נעגאטיוו" האלט איך כמעט גארנישט. מיינע הערען! — און דאביי פירט ער מיט דער גאנצער שמאלער האנט־פלאך און מיט דעם גאנצען ארעם, א האר פון רעכטס אויף לינקס, ארומנעמענדיג א האלבע וועלט . . . — לאמיר זיך טאקע נישט נארען; פאזיטיוו זיינען מיר דאך אייגענטליך אלע, עס איז נאר שייך, צי דער באצילוס געפינט זיך נענטער ביי דער אטעם־רער, אדער טיפער אין דער לונג. שוין אין מיינע פאר יארען געזען שטארבען נעגאטיוו און פאזיטיוו. ווי אפט פלעג איך ביי אזא שטארבער פרעגען א שעה פאר'ן טויט: פאזיטיוו אדער נעגאטיוו? און אויף מיין נאמנות — לאזט ער אוים מיט אן איראנישען שמייכעלע אויף דער גאנצער מעדיצינישער וויסענשאפט — דער גרעסטער טייל פון זיי איז געוועזען נעגאטיוו . . . אבער א רא — ווייזט ער אויף זיין דאר ביסעל ברוסט־ביינער — איז געוועזען צעגעסען ווי פון מייז, וואס לאזען איבער נאך דעם ריינעם, גוטען קארן נאר אביסעל שווארצען מייז־מיסט. כמ־כ־כ־כ — גיט ער א צי אפיר דאס בלאע פלעשעלע — געוועזען דא שוין בלוט אויך, געוועזען פיבער און געוועזען פראסט. דערפאר, מיינע הערען! (די אוודיטאריע האט זיך דערווייל אביסעל פארגרעסערט) האלט איך אייער שרעק פאר דארט — און ער ווייזט אויף צימער 39, נישט ווילענדיג יעדענפאלס ארויסזאגען: 39 — פאר נענצליך אן א גרונד. מען דארף בכלל די זאך נעמען אביסעל קילער.

לויט די קראנקען־געשיכטע־פאפירען (אנגערופען האט ער אלע די זאכען פאכמענעריש) זיינען דארט דא אזעלכע קראנקע, וואס האבען אוועגט־טעמפעראטור 38 און אריבער און זיינען א חוץ פאזיטיוו. מילא פיבער: פיבער שטייגט און פיבער פאלט, און אקעגען דעם פאזיטיוו און נעגאטיוו איז איבעריג א יעדעס ווארט! — האט ער צוגעפירט זיין געדאנק מיט אן ענערגישען, סוף כל סוף, כאפ אן די פליג, וואס האט נאך ענערגישער שטענדיג זיך געזעצט און געזעצט אויף זיין רויטליכער, גרויסער, שיטער־הויטיגער פארשוויצטער נאז, צוגעצויגען פון איר שווייסריח, און אפרייסענדיג ביי איר פליגעל נאך פליגעל, האט ער נאך שפיציגער פארענדיגט זיין געדאנק: — ווען דער דאקטער, למשל, זאגט מיר היינט: גרובער, איר זיינט פאזיטיוו, פאקט אייך אריבער אהין! רעד איך נישט קיין ווארט און פאק מיך אהין — ווייזט ער ווידער אויף 39 — פארוואס נישט? — לאזט ער ענדליך נאך די פליג, און זי פאלט אראפ אויף דער בריק, די צום טויט פאר׳משפט׳ע, און גייט אוועק געלאסען לע״ע אונטער׳ן בעט ארונטער, ווי אזא חיה׳לה, וואס גייט שטענדיג נאר אויף די פיס און פליט נישט קיינמאל.

— פונדעסטוועגען, — רופט זיך אן סוועטליק נאך דער גאנצער רעדע, און די חן־גריבלאך פון זיין אקטיארישען פנים, וואס באווייזען זיך שטענדיג צוזאמען מיט די זארגען־קנייטשען אויף דעם שטערען, אפילו ווען ער לאכט נישט — האלט איך עפים נישט פון אייער גלייכגילטיגקייט צום צימער 39. שטארבען, ברודער, איז אן ערנסטע זאך, און דארטען שטארבט מען דאך. מעג עס זיך זיין, אז איר האט שוין גאר רעכט מיט דעם פאזיטיוו און נעגאטיוו. אבער שטארבען — פארזארגט זיך נאך מערער זיין הונגעריג, פארמיטאגדיג פנים, און ער שטרעקט אויס צו גרובערן זיין רעכטע האנט מיט דער אינערווייניגדיגער פלאך ארויף און גיט מיט איר א קלאפ אויף יענעמס קאלדרע, ווי איינער וואס מאנט געלט — וואס טוט איר אבער פארט מיט׳ן שטארבען אויף צימער 39? און דאס איז אמת, אי ווייס איך דאס גוט, אז עס מאכט זיך אמאל ביינאכט און מען הערט א פארפארען פון א וואגען, א קלאפען און א טראגען אין קאָרידאָר.

מיינט קאטשור:

— אט דא, אויף צימער 38, רוט מען זיך אביסעל אפ די אלטע ביינער, באמת, מען פארגעסט אביסעל די שטוב־זארגען, די אלטע, (דערמאנט ער זיך אן איר, קלערט א רגע און רעדט ווייטער) זאל זי כאטש שטום ווערען, אז איך וועל אהיימקומען! אבער גיין אויף צימער 39, אליין? גאנץ אליין? (אלע קראנקע באשליסען אלע טאג, אין אזא מין רגע, נישט צו גיין פרייוויליג אויף צימער 39) ליבער צוריק, צוריק צו דער אלטער אהיים! — שפייט ער אויס, ארויסנעמענדיג די ליולקע פון מויל, גלייך ס׳וואלט געגאנגען פון איר בייקענדיגער רויך.

און מיר איז עס פארט אלץ איינס! — ווערט גרובער שוין אביסעל אנגעצונדען — ערשטענס, שטארבט מען נישט אזויפיל אויף צימער 39, ווי מען רעדט. וואס רעדט מען דען אלץ נישט איבער? און צווייטענס, אז מען שטארבט, שטארבט מען! — זאגט ער שוין גרויזאם און רוקט זיך צו גאנץ נאענט מיט זיין אטעם, וואס גייט היים ווי פארע פון א זידיגען טאפ צו סוועטליקס מויל, — און דריטענס, איין בלוטשטראם אינמיטען העלען טאג און אזא א סוועטליק קען אויך באלד אויסשטרעקען אלע פיר.

חערענדיג דארט אקעגענאיבער אזא שמועס נעמט דער רעדאקטער ארויס זיין בלא פלעשעלע, וואס איז געלעגען איינגעוויקעלט אין א צייטונג ביי זיין בעט־קעסטעל, שאקעלט עס ווי א פלעשעל מיט אקאוויט, ווען מען וויל דערגיין זיין שטארקייט, קוקט ער און קוקט און שאקעלט, און סוף כל סוף שטעלט עס צו צום פנים אקעגען ליכט, וועלענדיג דערגיין מיט׳ן הוילען אויג דעם אינערווייניגסטען סוד פון באצילוס, און זיין נאז ווערט פון ווידערשיין דורכ׳ן פלעשעל אינגאנצען בלא.

סוועטליק, וועמען סאיז געווארען היים פון גרובערס אטעם, און עס האט זיך אים פלוצלונג אויסגעדאכט, אז ער איז געווארען א פאזיטיוו, אי אנגעהויבען פיבערן, קוקט אים פלוצלונג אן מיט א פארמרוזשעטע אויגעל, און דאס חן־גריבעל, וואס אויף דער באק וואו דאס פארמרוזשעטע אויגעל, איז געווארען גאנץ ערנסט און טיף; דערזעט ער נאך דערצו גרובערס צע־היצט פנימ׳ל און די רויטע פלעקען, וואס זיינען געשטאנען אויף זיינע שפיץ־באקען אנגעצויגענע, ווי אונטער זיי וואלטען זיך געצויגען גרויסע מכות, קוקט ער אים גאנץ דייטליך, איצט שוין מיט א פעסטען חשד און אין כעס אויף זיך אליין, וואס ער זיצט עפים אזוי נאריש פונקט אונטער יענעמס אטעם, וואס שרפ׳עט אזש, גיט ער א שריי אויס:

— ע, לאזט מיך שוין אפ מיט אייערע נארישקייטען!

און אנטלויפט צו זיך צום בעט און הויכט און הויכט, וועלענדיג אויסהויכען יענעמס פארפעסטיגטען אטעם, אבער ער פילט אז די מי איז אומזיסט און די באצילען זיצען שוין פעסט אינעווייניג באהאלטענע, ווי מייז וואס זיינען אנטלאפען אין זייערע טיפע לעכער און וועלען שוין איינמאל ארויסקומען צו טאן זייער ארבעט.

דערזעט דאס גרובער, וויל ער זיך נאך אלץ ראטעווען און שרייט:

— איך שטיץ מיך אבער אויף צוואנציג־יעריגער סטאטיסטיק!

— סטאטיסטיק, שמאטיסטיק! — הייבט זיך אויף שוין קאטשור אויך פון בעט, שטעקט אריין די ליולקע אין טאש אריין, גלייך זי וואלט ענדליך געוועזען גאנץ אויסגערייכערט און גייט אין זיין רו אריין; און אין טיפען הארצען האט ער שוין אויסגעשטראכען די פרייליכקייט פון היינטיגען זונטאג.

---

דערווייל איז פון דעם פרישען ריח פון קאכעדיג קרויט, וואס האט זיך אין דער פרי אנגעהויבען טראגען פון די קיכען, געווארען גענויער ריח פון געבראטענס, ציבעלעס און פארענדיג געבעקס. פאלט אויך שוין אריין די שוועסטער, טוט א צעטרייב דעם עולם צו די בעטען, גיט דא א צי ביי א קאלדרע, דארט א קער אראפ ברעקלאך פון א טישעל, דא א נעם צו א גלעזעל פון ערגעץ.

— וויזיט!

אין אלע ווינקלען ווערט גאנץ שטיל, אין די מוחות שטעלט זיך אוועק די מורא׳דיגע שאלה פון 39. צימער 39. דערמאנט מען זיך אין שרעקען דא פון א פארדעכטיגען הוסט, דארט פון א מארנעם שפיי, דא ווידער פון עפים אן אויסטערלישער היץ אין פנים.

שטייען די קראנקע, וואס קאנען שטיין, אין צוויי שורות אין לאנגען צימער ביי זייערע בעטען, אנדערע זיצען. גרובער האלט אונטער דעם קאפ מיט דער לינקער האנט, ליגט און שפיצט די אויערן.

קומט אריין דער דאקטער, א הויכער, א גראליכער אביסעל, טרעט ענערגיש פון בעט צו בעט. דא א גוטער שמייכעל, דא א גלעט, דא א האפערדיגער ווארט־בליץ. די שוועסטער גייט אים נאך מיט א בוך אין מיט פארשידענע פלעשלאך. שוין איז ער אפגעגאנגען איין שורה און גייט שוין צו דער צווייטער. האט די שטימונג אין צימער אויפגעאטעמט און האט זיך אביסעל אויסגעלייטערט. גרובערס אויגען אבער לויפען נאך אלץ נאך דעם דאקטער מיט אזא זיכערקייט, כמעט פאראויס, נאך איידער דער רדט זיך, אז עס קומט עפים אויס, גלייך נישט די אויגען וואלטען געהאנגען אן דאקטער, נאר ער אן די אויגען.

פלוצלונג שטייט ער ביי גרובערס בעט.

— גרובער?

— געווים!

— אהא! — און שעפטשעט שוין עפעס צו דער שוועסטער און בייגט זיך אן צו איר אויער, וועלכען זי שטעלט אן צו זיין מויל, ווי א בעכער אונטער א שפונד, און זי ווארפט דערוויל גאנץ גלייכגילטיג מיט אירע בליקען אויף גרובערס פנים.

אנשטאט צו איר אין אויער אריין גיסען זיך די ווערטער, ווי א שנירעל הייס וואסער פון א סאמאוואר, וואס איז כמעט אינגאנצען לויטער זידיגע פארע, גלייך אין גרובערס גוף אריין, וואס האט אויפגעהערט צו אטעמען און איז געוועזען אינגאנצען נאר חוש־השמיעה.

— נ־ניין־און־דרייסיג!? — שרייט ער אויס, און דאס

קול קומט שוין הייזעריג מיט יענע האפנונגסלאזער הייזעריגקייט און נישט פון מויל, נאר פון גאנצען חלל פון דער איינגעפאלענער דערשראקענקייט פון זיין פנים, אויף וועלכען די נאז סטערטשעט נאך אלץ אביסעל רויט, ווי א זאך וואס מען דארף זי נישט מער.

— י־יא — רייסט זיך עס ארויס איינגעהאלטען פון דאקטערס מויל.

— איך אויך! ? — קומט דאס צווייטע ווארט פונ'ם חלל פון גרובערס אמאליגען פנים.

— אבער ניין—נניין—ניין! — ענטפערט שוין, בארואיגענדיג נאך אירע געזעצען, די מעדיצין, שטייענדיג אן אן עצה, ווי א געכאפטער גנב.

אויף דעם שארבען אקעגענאיבער איז די ווייסקייט צווישען די דינע הערלאך געוועזען איצט דייטליך אנזיכטיג. דאס פנים דא אקעגענאיבער איז געווארען שמוציג־געל, ווי אלטע בעטציכען. קיין זכר פון אן אויג. פארמאכט. דער באוועגלעכר אפעל פון גארגעל איז געבליבען שטיין אונטער זיין דינער הויט־צודעק. דער קאפ האט פארלוירען די מענשליכע צורה און די לאנגע אויערן און דאס שיטערע פון שרעק אנגעיאזשעטע בערדעל האט אים ענליך געמאכט צו א נאך גישט גאנץ צעפרעסענעם סקעלעט, ווייל אויך די אונטערשטע ווייסע ליפ איז אראפגעהאנגען און אויפגעדעקט צוויי שורות פארהאקטע, האלב־שווארצע, גרויסע, שטומע ציין.

אקעגענאיבער קוקט זיך סוועטליך אן מיט קאטשורן, און איינער כאפט אויס דעם געדאנק ביים צווייטען:

— מארגען גיי איך אוועק פון שפטאל. נישטא דא מער וואס צו ליגען.

— איך אויך!

# די היים און די שול

פון י. שטיינבוים

די שול פון יעדער פעריאדע אין דער מענשליכער געשיכטע איז אן אפשפיגלונג פון דעם מענשענס לעבען אין דער געגענער צייט. און אונטער'ן ווארט לעבען מיינען מיך ניט בלויז דאס פיזישע, נאר אויך דאס עקאנאמישע, סאציאלע און דאס קולטורעלע לעבען פון דער געזעלשאפט. אן אטענישע. מוזיקשול קענען מיר זיך בלויז פארשטעלען אין גריכענלאנד פיר אדער פינף הונדערט יאר פ. ק. היינט האבען מיר ניט אזעלכע עסטעטיש־אריסטאקראטישע שולען, ווייל אונזער לעבען איז אנדערש, ווי דאס דאמאלסטיגע לעבען פון די „שיינע אטענער". מיר האבען היינט אנדערע נויטען, און קוקען אויף דעם לעבען להלוטין אנדערש, ווי די גריכען. ביי זיי האט עס געהייסען: „לעב פון וואס ווייניגער פראצע" — היינט: „ארבעט, וועסטו לעבען".

אדער נעמט די ריטער־שולען מיט פינף־זעקס הונדערט יאר צוריק. וועט דען עמיצען היינט איינפאלען צו ארגאניזירען א ריטער־שול פאר זיינע קינדער, ווען דאס לעבען ארום איז אזוי רימערלאז? אזא שריט וואלט ווייניג־וואס אפגעשפיגעלט דאס לעבען פון דער ארומינער סביבה, און וואלט אויף איר קיין איינפלוס ניט געהאט.

או יערע שול וואס קומט דערציען דארף זיין דער פולסטער אויסדרוק פון דער צייט, אין וועלכער זי עקזיסטירט, איז אן א"ב־פרינציפ, וואס אלע האבען שוין געמעגט וויסען. די שול וואס גייט ניט מיט דער צייט ווערט א נעסט פון שימעל און רעאקציע, און יענע שול, וואס גייט צו ווייט פאראויס פון דער צייט — א נעסט פאר געצייילטע פארשער, וואס האבען א קנאפען שייכות מיט דעם גרויסען סאציאלען שטראם, וואס זיי ווילען פארציען אויף אן אנדערען וועג.

וואלט דעם קינדס דערציאונג בלויז אפהענגיג געוועזען אן די לעקציעס פון דער שול, קען זיין אז מיר וואלטען צו יעדער צייט געקאנט איינשטעלען, וואס א טיפ שולען מיר זאלען ניט וועלען. לאזט זיך אבער אויס, אז די שול־דערציאונג איז קוים א דריטעל, מאטעמאטיש גערעדט, פון דעם סכום דערציאונג, וואס דער מענש באקומט אין זיינע קינדער־יארען. די אנדערע צוויי־דריטעל געהערען דער היים און דער גאס. און ווען מיר וואלטען די דריי חלקים געוואלט אוועקשטעלען אין א היסטארישען סדר, וואלטען מיר אויסגעפונען, אז צוערשט קומט די הויז־דערציאונג, דערנאך די גאס־דערציאונג און ערשט צולעצט די שול־דערציאונג.

ווען דאס קינד קומט אריין אין שול ברענגט עס שוין מיט זיך א „פאק וויסען": שפראך, זיטען, שפירונגען, באציאונגען, געשמאס, א. א. וו. די שול שפילט דא די זעלבע ראלע וואס א גערטנער: זי באנוצט זיך מיט דעם, וואס ס'איז שוין פאראן, כדי עס ווייטער צו אנטוויקלען, אויסברייטערען און פארשענערען. זי איז א מין צענטראלער זאמעלפונקט פון פארשידענארטיגע מאטעריאלען, פון וועלכע זי באשאפט אן איינהייטליך באשעפעניש. קיין אייגענע מאטעריאלען שאפט זי אבער אליין ניט.

און ווילען מיר געבען די קינדער א נייע דערציאונג, ווילען מיר באשאפען א נייעם בעסערען דור, מוזען מיר געדענקען דעם היסטארישען סדר און אריינברענגען אונזער אינאוואציע קודם־כל אין דעם הויז, דערנאך אויף דער גאס, און במילא אין דער שול. הייבען מיר אן מיט דער שול צוערשט, טיילען מיר גלייך פאנאנדער אונזערע קינדערס לעבען; און אזוי ווי דאס שול־לעבען איז מער ניט ווי א דריטעל פון דעם גאנצען, וועט עס כיי־ווי ניט קענען אריבערוועגען די אנדערע טיילען, און וועט אויפהערען צו שפילען די ראלע פון א צענטער. אזוי ווי זי איז דעמאלט מער ניט קיין גאנצער גליד פון דעם קינדס סביבה, אזוי וועט זי ניט קענען אויסאיבען די איינפלוסען, וואס וואלטען אנדערש דעם קינד געהאלפען די סביבה בעסער צו פארשטיין.

ווענדען מיר אן דעם דאזיגען פונדאמענטאלען פרינציפ אויף די מאדערנע אידישע שולען, איז אונזער אויפגאבע קלאר: מיר מוזען צוערשט באשאפען אזא סביבה אין דעם הויז און אויף דער גאס, אז די טעטיגקייטען אין אונזערע שולען זאלען ניט מאכען דעם איינדרוק אויף דעם קינד ווי א באזונדערע וועלט, נאר ווי א טייל פון א גאנצער וועלט, וואס וועט ניט זיין פולקאם אן דער שול. אונזערע אינאוואציעס בנוגע שפראך, באציאונגען, זיטען, אידעאלען, א. אז. וו. מוזען צוערשט איינגעפירט ווערען אין הויז, במילא וועלען זיי נאטירליך אנקומען אין דער מאדערנער אידישער שול. לכל הפחות מוזען די דאזיגע אינאוואציעס איינגעפירט ווערען גלייכצייטיג אין דעם הויז און אין דער שול.

אנשטאט א נאכשלעפער נאך דעם קינדס אנטוויקלונג, מוז דאס הויז, די גאנצע פאמיליע ווערען א פאראויס־גייער, א פירער.

מיר זעען ניט דערווייל דעם וואלד צוליב די ביימער. מיר זיינען צופיל פארכאפט געווארען פון דעם געדאנק פון נייע שולען פאר אונזערע נייע קינדער. מיר טארען אבער ניט פארגעסען אז אונזערע עלטערע נייטיגען זיך אין דער נייער דערציאונג אפשר נאך שטארקער ווי די קינדער, ווייל פון די עלטערע ווענדט זיך דער ערפאלג פון אונזער נייער פראבע.

לאמיר ניט בלויז ברענגען די קינדער אין דער מאדערנער אידישער שול. לאמיר די שול אריינפירען אינ'ם קינדס הויז; מיר וועלען דורכדעם לייכט אריבערשפרייזען די גאס.

— „דער נייער וועג".

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאַקסאָן

## 11. דזשעראָנים סאַוואָנאַראָלאַ

אין מאָנאַט אויגוסט פון יאָר 1482 איז אין דאָמיניקאַנישען מאָנאַסטיר אין באָלאָניען (צפון־איטאַליע) פאָרגעקומען אַ פייערליך טרויעריגע סצענע.

די מאָנאַכען, בראש מיט דעם אויבער־גייסטליכען, האָבען פאַרטאָג זיך פאַרזאַמעלט אין דעם הויפּט־קלויסטער, וואו דער הערבסט באַגינען האָט מיט פייכטע נעבלען קוים אַריינגעבליקט אין שמאָלע פענסטער, דורך די קאָלירטע שויבען. דער ווייררויך פון די פייער־פאַנען האָט זיך אויפגעהויבען צו די געוועלבען אין שוואַרץ־בלויע זיילען, איז געהאַנגען אין דער לופט, ווי אַ וואָלקען, און האָט נאָך געדיכטער געמאַכט די טונקעלקייט, אין וועלכער עס האָבען געצאַנקט די רויטע צונגען פון די ברענענדיגע וואַקסענע ליכט. אונטער די געוועלבען און אין די ווינקלען פון קלויסטער האָט זיך נאָך געטוליעט דער נאַכט־נעבעל.

אין מיטען קלויסטער, פאַר'ן אַלטאַר, איז געשטאַנען אַ קאַטאַפאַלק, אויף וועלכען עס איז געלעגען אַ שוואַרצע טרונע. אין דער אָפענער טרונע איז געלעגען אַ יונגער מאַן איינגעהילט אין אַ מאָנאַכישען מאַנטעל פון אַ גראָבען וואָלענעם שטאָף. פון קאָפּ לענג אויס דעם קערפּער האָט זיך געצויגען אַ ווייסע טויטען־דעק. אַ האַלבע טרונע, צו די פיס צו, איז געווען באַהאַלטען אונטער אַ שוואַרצע דעקע, וואָס אויף איר זיינען געווען אויסגענייט צלמים און מענשליכע שאַרבענס. דאָס פּנים פון דעם ליגענדיגען אין דער טרונע איז געווען בלאַס, אויסגעמאַטערט. זיין אָדלער־נאָז איז נאָך שאַרפער געוואָרען, נאָר זיינע טיף־איינגעגראָבענע אויגען זיינען געווען ברייט אָפען און האָבען פיבעריש געברענט מיט אַ פייער־פון באַגייסטערונג, זיינע הענט, צונויפגעלייגט אויף דער ברוסט און איינגעדרייט אין שנירלאַך שוואַרצע פאַטשערקעס, פלעגען ווען ניט ווען אַ ציטער טאָן.

אַרום דער טרונע איז אָפּגעריכט געוואָרען אַ לויה־צערעמאָניע. די מאָנאַכען האָבען געזונגען קבורה־תפלות, דרייענדיג זיך אַרום דעם קאַטאַפאַלק, געריויכערט ווייררוך און געשפּריצט אויף דער טרונע הייליג וואַסער.

דער אויבער־גייסטליכער, וואָס האָט די גאַנצע צייט תפלה געטאָן ביים אַלטאַר, איז צולעצט צוגעגאַנגען צו דער טרונע, האָט געבענטשט דעם לעבעדיגען נפטר און אַליין אים אָפּגעשפּריצט מיט דעם הייליגען וואַסער, זאָגענדיג:

— שטיי אויף, ברודער מיינער, אין קריסטוסען, הייב זיך אויף פאַר אַ ניי לעבען, העכער פון מענשען און פון אַלץ, וואָס איז ערדיש. פון איצטער אָן ביזט — אַ קנעכט פון דעם אַלערהעכסטען און פון דעם אייביגען אמת; זאָל קיינמאָל דער שקר דיינע ליפּען ניט פאַראומרייניגען, זאָלען דיינע פאַרבאָרגענע געדאַנקען אַלעמאָל זיין געווענדט צום גליק פון דיין נאָענטסטען, צו רעטען נשמות פון אַלע טייוועלשע פאַרפירונגען.

דער יונגער מאַן איז אויפגעשטאַנען פון טרונע, האָט זיך געקניט פאַר'ן אַלטאַר און נאָכדעם זיך צעקושט מיט אַלע מאָנאַכען. די הייליגונגס־צערעמאָניע האָט זיך מיט דעם געענדיגט. אַ נייער דאָמיניקאַנישער מאָנאַך איז געבוירען געוואָרען. זיין נאָמען איז געווען דזשעראָנים סאַוואָנאַראָלאַ, 28 יאָר אַלט, וועמען ס'איז באַשערט געווען צו ענדיגען זיין לעבען אויפ'ן פלאַקער־פייער.

* * *

סאַוואָנאַראָלאַ איז דערצויגען געוואָרען אין אַ רייך און אַריסטאָקראַטיש הויז. נאָך אַלס קינד האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע אויסערגעוויינליכע פעאיגקייטען און מיט זיין חשק צום לערנען. ער האָט באַקומען אַ גלענצענדע פילאָזאָפישע און נאַטור־וויסענשאַפטליכע בילדונג, ער איז געווען אַ קענער פון דער ביבעל. אין דער פרייער צייט פלעגט ער שרייבען געדיכטען, צייכענען און שפּילען אויף דער האַרף.

דער יונגער סאַוואָנאַראָלאַ, דער זוכער פון אמת און גערעכטיגקייט און פון אַ העכערען ציל אין לעבען, פלעגט זיך טאָג־טעגליך אָנשטויסען אויף די באַדינגונגען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און זיין איידעלע נשמה האָט זייער געליטען פון די ווידערשפּרוכען צווישען זיין שטרעבען און דער ווירקליכקייט. פון איין זייט האָט ער געזען לוקסוס, רייכקייט, זינד, הולטייסטוואָ, רויבערייען און רציחות פון די רייכע, פון דער צווייטער זייט — אָרעמקייט, אונטערדריקונג, הונגער, נויט און אונטערטעניגקייט צו די אונטערדריקער. דער שיקזאַל האָט אים צוגעשיקט נאָך אַן אַנטוישונג. ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ שיין מיידעל, אָבער אירע עלטערן איז דער שידוך ניט אָנגעשטאַנען.

אין זיין געדיכט „דע רואינאַ מונדי“ באַקלאָגט ער זיך: איך זע די גאַנצע וועלט צעשטערט. ניטאָ אין ערגעץ קיין מענטש, וואָס שעמט זיך פאַר זיינע זינד . . . גליקליך איז נאָר דער, וואָס לעבט פון גזלה, וואָס דערנערט זיך מיט'ן צווייטענס בלוט, וואָס באַרויבט אַלמנות און יתומים און שטויסט די אָרעמע אין אָפּגרונט אַריין. געבילדעט און קלוג איז נאָר דער, וואָס קאָן זיגען מיט גבורה און פאַלשקייט, וואָס האָט קיין מורא ניט פאַר גאָט און טראַכט נאָר אומצוברענגען דעם צווייטען . . .

אין אַ שיינעם אַפּריל אָוונט, בעת זיינע עלטערן זיינען אַוועק אויף אַ באַל אין שלאָס פון דעם הערצאָג פון פערראַראַ, איז דזשעראָנים אַליין געבליבען אין הויז. איבערלאָזענדיג אַ בריף צו זיינע עלטערן, וואו ער בעט זיי אים מוחל צו זיין טאַט, איז ער אַוועק אין מאָנאַסטיר און געוואָרען אַ מאָנאַך. „איך קאָן ניט לעבען אין אַ וועלט פון בלוט און רויב, פון גזלה און רציחה“, האָט ער געשריבען אין זיין בריף. דער פאָטער האָט אים קיינמאָל ניט מוחל געווען. זיין נאָמען האָט ניט געטאָרט דערמאָנט ווערען אין פאָטערס אַנוועזענהייט.

זיבען יאָר האָט דער דאָזיגער מאָנאַך פאַרבראַכט אין מאָנאַסטיר, וואו ער האָט שטודירט פילאָזאָפישע ענינים און האָט געלערנט מיט די יונגע מאָנאַכען. נאָכדעם האָט ער גענומען אַרומפאָרען איבער איטאַליען און פּרעדיגען געגען דער אויסגעלאַסענקייט פון די גייסטליכע, געגען זייער געלט־גייציגקייט; ער האָט אַפילו דעם פּאַפּסט ניט געשאַנעוועט. אַ רעדנער איז ער געווען אַ גלענצענדער. די גרעסטע און מעכטיגסטע פון רוים פלעגען קומען אים הערען. ער האָט געדונערט אויפ'ן פּאַפּסט, אויף די הערצאָגען, וואָס באַרויבען דאָס פאָלק, ער האָט געהאַלטען אין איין נביאות זאָגען, אַז גאָטס שווערד וועט זיך אַראָפּלאָזען אויף דער ערד און וועט פון אַלע מוטוויליגע הערשער, וואָס האָבען פאַרגעסען גאָטס וואָרט, מאַכען צו שטויב. סאַוואָנאַראָלאַ האָט איינגעריסען מיט די שטאַרקסטע און מעכטיגסטע; ער פלעגט זיי רופען מערדער און הויטשינדער, גרוזאַמע און בלוטדורשטיגע. דער הערשער פון פלאָרענץ, לאָרענצאָ מעדיטשי, האָט אים אַמאָל געוואָלט זען און זיך דורכרעדען מיט אים, האָט ער אים ניט געוואָלט אויפנעמען.

פון איין זייט האָט סאַוואָנאַראָלאַ זיך ערוואָרבען אַ סך גוטע פריינד. ער איז געווען אַ פאָלקס־מענטש, אַ פריינד פון אָרימע. פּאָליטיש איז ער געווען אַ רעפּובליקאַנער, גאַנץ רעוואָלוציאָנער געשטימט. פון דער צווייטער זייט האָט ער זיך געמאַכט אַ סך שונאים. פילע האָבען אים גערופען „דער שונא פון לעבען, דער שונא פון פאַרגעניגען“. דאָס פאָלק האָט אים אָבער ליב געהאַט. אין זיינע רעדעס פלעגט ער אָנצייכענען ניט נאָר רעליגיעזע פּראָגראַמען, נאָר אויך פּאָליטיש־געזעלשאַפטליכע פּראָגראַמען, לטובה פון די געדריקטע קלאַסען. זיין וואָרט איז ביים פאָלק געווען אַ געזעץ. אין פלאָרענץ איז אין יענער צייט פאָרגעקומען אַ מהומה, האָט סאַוואָנאַראָלאַ געזאָגט זיין וואָרט און האָט איינגעהאַלטען דעם המון: זאָגט אייך אָפּ פון

לוקסוס — האָט ער געשריען צו דער אַריסטאָקראַטיע, — פאַרקויפט די איבעריגע זאַכען און צעטיילט דאָס געלט צווישען די אָרימע, און אויב עס איז ווייניג לאָזט אונז פאַרקויפען די כלים און די באַפּוצונגען פון די קלויסטערס; מאַכט אַ געזעץ, אַז אַלע קראָמען זאָלען געעפענט ווערען; גיט דעם פאָלק אַרבעט, גיט די אַרבעטסלאָזע באַשעפטיגונג. אין יענער צייט האָט סאַוואָנאַראָלאַ אויסגעאַרבעט פאַר דער שטאָט פלאָרענץ נייע רעגירונגס־פאָרמען אויף רעפּובליקאַנישע יסודות; ער האָט געענדערט די געזעצען אין באַצוג צו הלואות, פּראָצענט און אָפּצאָלונג. אין איין יאָר צייט איז פלאָרענץ אָרגאַניזירט געוואָרען אויף אַ באַזיס, אַז אַלע בירגער האָבען אַנטייל גענומען אין איר פאַרוואַלטונג. אָבער ער אַליין האָט זיך ניט באַטייליגט אין די שטאַטישע אַנגעלעגענהייטען.

פּאַבסט אַלעקסאַנדער דער 6־טער האָט אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען, גוטע און בייזע, כדי איינצוצאַמען אָט דעם רעוואָלוציאָנערען מאָנאַך. מ'האָט אים אָנגעבאָטען דעם ראַנג פון אַרכיעפּיסקאָפּ, פון קאַרדינאַל, אָבער סאַוואָנאַראָלאַ האָט ניט געוואָלט הערען און ניט אויפגעהערט צו טאַדלען די מאַכטהאָבענדיגע און די אויסגעלאַסענע גייסטליכע, וואָס באַרויבען דאָס פאָלק אין גאָטס נאָמען.

דער פּאַבסט, דער מערדערישער הערצאָג פון פלאָרענץ, ספאַרצאַ, און די גאַנצע אַריסטאָקראַטיע האָבען גענומען שיטען גאָלד, כדי פטור צו ווערען פון סאַוואָנאַראָלאַן. דערצו נאָך איז דעם פּאַבסטס אויטאָריטעט נאָך אַלץ געשטאַנען העכער ביים פאָלק, ווי סאַוואָנאַראָלאַס. און דאָס גאָלד האָט ביים פאָלק די אויגען פאַרבלענדט. ביסלעכווייז האָט סאַוואָנאַראָלאַ גענומען פאַרלירען זיין איינפלוס; מען האָט אים אַרומגעוועבט מיט אַ נעץ פון אינטריגען און ליגענס, מ'האָט צוגעשטעלט אַ דאָקומענט, אַז ער האָט געוואָלט שטירצען דעם פּאַפּסט. איצט פלעגען פאָרקומען אומרוען אין דעם קלויסטער, וואו ער פלעגט פּרעדיגען. איינמאָל האָט מען אַ וואָרף געטאָן אויף דער בימה אַ געפּגר'טען הונט; מ'האָט אים גענומען רופען „דער משוגענער מאָנאַך"; אַ סך פון זיינע פריינד האָבען גענומען זיך אָפּטרייסלען פון אים. און דער פּאַבסט האָט גענומען פילען, אַז איצט איז ער שטאַרקער פון אים.

און דאָס פאָלק? רעוואָלוציאָנערען, רעפאָרמאַטאָרס, טרעגער פון גרויסע אידעען זיינען די גרעסטע אין דער וועלט, בעת זיי געווינען; אָבער בעת זיי פאַרלירען, זיינען זיי די ערגסטע אין דער וועלט. סאַוואָנאַראָלאַ האָט פאַרלוירען, איז ער געוואָרען דער ערגסטער. מען האָט אויף אים גענומען זאָגען, אַז ער האָט צעבראָכען טייערע קונסט־זאַכען, אונטער'ן אויסרייד, אַז זיי זיינען אוממאָראַליש. דאָס פאָלק האָט יערענפאַלס אין אים איצט גענומען צווייפלען און האָט זיך פאַר אים ניט איינגעשטעלט. און דאָס הייפעלע גייסטליכע, וואָס האָבען מיט אים יאָ געהאַלטען, זיינען געווען גאַנץ הילפלאָז.

צולעצט האָט אים דער פּאַבסט אַריינגעלייגט אין חרם, אים אָפּגעשיידט פון דער קירך און אַריינגעוואָרפען אין געפענגעניש.

סאַוואָנאַראָלאַן און זיינע צוויי הויפּט־תלמידים, דאָמיניקען און סילוועסטערן, האָבען „די הייליגע הענקער" באַשולדיגט אין אַפּיקורסות און מען האָט גענומען פירען די אויספאָרשונג. ס'איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַן אויספאָרשונג עס איז געווען אין 15־טען יאָרהונדערט. סאַוואָנאַראָלאַן, דעם אויסגעצערטען פון תעניתים, דעם שוואַכען, נערוועזען, האָט מען אַרומגעבונדען מיט אַ שטריק, אים אַרויפגעצויגען אין דער הויך און דערנאָך אַראָפּגעלאָזט מיט אַזאַ'ן אימפּעט, אַז פון דער אויפטרייסלונג אַליין האָט מען געקאָנט פון זינען אַראָפּ; דערנאָך האָט מען אים אויסגעצויגען און געברענט די פיס מיט הייסע קוילען. פערצען מאָל אַ טאָג האָט מען אים געפּייניגט, עטליכע טעג כסדר, כדי ער זאָל זיך „פריוויליג" מודה זיין. דער געפּייניגטער פלעגט אַמאָל אויסשרייען: „גאָט, גאָט, דיר גיב איך איבער מיין גייסט", אָדער, „גאָט, גאָט, ס'איז גענוג!"

זיינע אויסזאָגונגען האָבען די הענקער געפעלשט און צעדרייט. אין די מינוטען פון פּייניגונג האָט ער אונטערגעשריבען אַלץ, וואָס מ'האָט אים געצוואונגען אונטערצושרייבען, אָבער בעת מען האָט אים אויף אַ ווײלע אָפּגעלאָזט, האָט ער ווידער אָפּגעלייקענט. און געוואָלט האָט מען פון אים, ער זאָל צוגעבען, אַז ער האָט געוואָלט פאַרראַטען, אָדער ער האָט פאַרראַטען זיין פאָטערלאַנד. אין דעם איז באַשטאַנען די גאַנצע אינטריגע, וואָס מען האָט אַרום אים אַרומגעוועבט.

ס'אַראַ זאָנדערבאַרען גייסט דער דאָזיגער געטליכער מאַן האָט פאַרמאָגט! ניט קוקענדיג אויף אַלע שווערע, איבערמענשליכע יסורים, האָט ער נאָך ביי זיך געפונען קרעפטען אָנצושרייבען אין געפענגעניש דריי אַרטיקלען וועגען רעליגיע. ער האָט זיי אָנגעשריבען אויף אַן איינבונד פון אַ בוך, אויף דער בקשה פון דעם טורמע וועכטער, וואָס האָט אים פאַרערט. ער האָט נאָך אין זיך געפונען כחות איבערצוראַשען מענטשען מיט זיין ווירדיגער האַלטונג, מיט זיין מילדקייט און ריינקייט. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער אורטייל פון „הייליגען געריכט" האָט נישט געקאָנט זיין קיין אַנדערע, ווי אַן אורטייל אומצוברענגען סאַוואָנאַראָלאַן מיט זיינע צוויי תלמידים, וואָס האָט געהייסען אויף דער יורידישער שפּראַך „טויט־שטראָף". אָט די „פאַרברעכער" האָט מען געדאַרפט הענגען, און דערנאָך פאַרברענען. אַ גאַנצע ריי טראַגישע סצענען זיינען פאָרגעקומען אין דעם טאָג פון דער הינריכטונג, וואָס איז באַשטימט געוואָרען אויפ'ן 23־טען מאַי. קאָן דען ווער עס איז באַשרייבען דעם גרויסען צער פון סאַוואָנאַראָלאַס אַלטער מוטער און שוועסטער? דערויף קאָן מען נאָר אָנווייזען און — פאַרבייגיין . . .

אַ באַליידיגטער פון די פאַרגרעבטע מאַסען, וואָס האָבען אים נאָך ניט לאַנג צוריק פאַרגעטערט, איז סאַוואָנאַראָלאַ געגאַנגען צו דער תליה, וועלכע איז געווען אויפגעשטעלט אין דער פאָרם פון אַ צלם. אימיצער איז צו אים צוגעגאַנגען מיט טרייסטווערטער.

— אין דער לעצטער מינוט, — האָט סאַוואָנאַראָלאַ פריינדליך געענטפערט, — קאָן נאָר גאָט טרייסטען.

אויף דעם פּריסטערס פראַגע, צי ער נעמט פריוויליג אָן אַ מאַרטירער־טויט, — האָט ער געענטפערט:

— גאָט אַזוי פיל געליטען פאַר אונז!

פאַר סאַוואָנאַראָלאַן זיינען געגאַנגען זיינע צוויי תלמידים דאָמיניק און סילוועסטער. זיי זיינען געווען באַגייסטערט. דער ערשטער האָט געזונגען אויפ'ן קול: „דיר, גאָט, לויבען מיר"; דער צווייטער, אַרויפגייענדיג אויפ'ן בריקעל, האָט רואיג אַרויסגעזאָגט: „אין דיינע הענט, גאָט, גיב איך איבער מיין גייסט" (בידך אפקיד רוחי). בעת עס איז געקומען סאַוואָנאַראָלאַס ריי, האָט ער געוואָרפען דעם לעצטען בליק אויפ'ן המון. דער המון, וואָס האָט אַלעמאָל אַזוי אומגעדולדיג געדאָרשט נאָך יעדעם וואָרט, וואָס איז אַרויס פון סאַוואָנאַראָלאַס מויל, האָט איצט אומגעדולדיג געוואַרט מיט פאַקלען אין די הענט אונטערצוצינדען דעם בריקעל. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט, בעת דער תליון האָט סאַוואָנאַראָלאַן אָנגעטאָן די שטריק אויפ'ן האַלז. מיט אַמאָל האָט אימיצער פון המון אויסגעשריען:

— נביא, די צייט איז געקומען, ווייז אַ נס!

דער תליון, כדי צו פאַרשאַפען דעם המון פאַרגעניגען, האָט זיך גענומען שפּילען מיט סאַוואָנאַראָלאַס קערפּער, וואָס איז געהאַנגען אין דער לופטען און האָט זיך נאָך געצאַפּעלט אין קאָנוואולסיעס.

זיך אָנגעשפּילט מיט'ן קערפּער — איז דער תליון אַראָפּגעשפּרונגען פון בריקעל און באַלד האָט מען אים צוגעטראָגען פאַקלען. אַ ווינט, וואָס האָט פּלוצלונג גענומען בלאָזען, האָט אָפּגעווענדט די פלאַמען פון די הענגענדיגע קערפּער.

— אַ נס! אַ נס! — האָט מען גענומען שרייען פון המון און אַ סך מענשען האָבען גענומען זיך אָפּרוקען פון בריקעל.

דער ווינט איז שטילער געוואָרען און דער פלאַם האָט אַרומגעכאַפּט מיט זיינע רויטע צונגען די קערפּער פון די דריי מאַרטירער. די מאַסען האָבען זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צום בריקעל. דערווייל איז איבערגעברענט געוואָרען די שטריק, מיט וועלכער סאַוואָנאַראָלאַס הענט זיינען געווען פאַרבונדען; פּאַמעליך האָבען זיי זיך גענומען רירען און די רעכטע האַנט האָט זיך אַ האָרעלע אויפגעהויבען, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געשיקט אַ ברכה דעם המון . . .

נאָך זיין טויט איז געפאַלען די מלוכה־אָרדענונג, וואָס ער האָט איינגעשטעלט. זיין נאָמען האָט מען געמאַכט צו שפּאָט און שאַנד. געוויס, סאַוואָנאַראָלאַ איז געווען אַן אַסקעט, ער האָט געפירט אַ לעבען פון אַן אַסקעט, ער איז געווען כמעט אַן אביון. אָבער אַלע, וואָס האָבען אים געקאָנט, האָבען צוגעגעבען, אַז ער איז געווען אַ מילדער, האַרציגער מענטש, אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט ליבען אָן אַ ברעג. פאַרפאָלגענדיג

 

# די מאַמע.



(דערציילונג)

פון פ. בימקאַ

ער, דער יונגער בראָנעטער מאַן, און זי — זיין שאַטין ווייבעל, האָבעןביידע געאַרבייט.

געאַרבעט פון צו פריער, און נאָך זייער חתונה, — גאָר נישט אַנדערש ווי פריער; איז איטליכער אויפגעשטאַנען אין רער פרי, און געפאָרען צו זיין מלאכה . . .

דער חלוק: פריער פלעגען זיי זיך זען איינמאָל אין אַ זונטאָג, זיך טרעפען און צעגיין; און שפעטער — געבליבען ביידע אינאיינעם אין אַ שטוב, יעדען טאָג זיך צעגאַנגען און אין דעם אייגענעם טאָג זיך שוין צוזאַמענגעקומען צוריק.

רער טאָג איז געווען פאַרקויפט, און די נאַכט — זייער . . .

האָט זיך אים אָבער שטאַרק געלאַנגווייליגט. זיך דורכאויס געוואָלט מאַכען היימליכער, און גענומען טראַכטען וועגען אַ קינד . . . זיינע ברעמען האָבען זיך ביים טראַכטען געפאַלבט, און אַראָפּגעפאַלען איבער די אויגען; אַ סך מאָל געפלעגט אַריינקוקען זיין ווייב אין פּנים, און כמעט פאַרדריסלאַך:

— דיר איז גאָר נישט לאַנגווייליג?

— ניין.

— ניין, זאָגסטו?

— ניין.

— ס'איז דאָך פאָרט אַ ליידיגע שטוב . . .

— שוין . . .

שטאַרק אָנגעהאַלטען האָט ער איר אויך נישט, דער מאַן; ער האָט גוט געוואוסט: זי זאָל האָבען אַ קינד — וועט דאָס זיין אַ גרויסער „עקספענס"; אַ קינד האָבען אין אַמעריקע — איז אַ שווערע זאַך . . . ס'ווייב מוז אַרויסגיין פון „שאָפּ" . . . און די שטוב קען שוין נישט זיין מער הינטער'ן הימעל. מ'קען אַזוי הויך מיט'ן „קערידזש" נישט גיין . . .

און דאָ פליען די טעג, אַריין און אַרויס . . .

די אומצופרידענקייט ביי זיי ביידען האָט זיך אפשר דעריבער אַמאָל אויפגעהויבען, אַמאָל — געפאַלען, קיינמאָל נישט שטאַרק איינגעריסען; ס'איז נישט געווען אין אַ פּראָסטען טאָג גאָר, וואָס זאָל וואַרימען, און זונטאָג, ווידער, האָבען פריינד פאַרשלונגען זייערע פּאָר שעה . . .

דאָס איינע: ר'האָט געלעבט מיט דער היים . . : . אַלע חושים אַריינגעטאָן דאָרטען, און וואָס ר'האָט שוין גאָר נישט געהאַט געדענקט מער . . .

אַז ער איז געווען „סינגעל", — האָט אין שטוב זיך ערגיץ אַרומגעטראָגען דאָס געדעכעניש פון אַ מאַמע; און אַז זי האָט אָפּגעווייגט פאַר אים אַ שטיק אין די בריף:

— דו האָסט מיך אַוועקגעוואָרפען . . .

איהר אָפּגעקומען:

— כ'שיק דיר אַ פּאָר טאָלער . . .

און מיט אַ געבייזער:

— האָסט געוואָלט, כ'זאָל מיט דיר אייביג זיין? . . .

איצט זיצט ע' כסדר נאָך דער שעה אַרבעט, און ווייגט זיך אויס זיין ביטער הארץ פאַר איר, דער מאַמען; זי האָט זיך אומגעקערט, די מאַמע, נאָך אַזוי פיל גלגולים צו אים — און ער זיצט נישט מער אַריבערגעבויגען צום ביינעלע פּאַפּיר, נאָר צו דער מוטער, טאַקי . . .

וואָרים, זי זיצט דאָ מיט אים, די מוטער, יעדען טאָג, אַ פּאָר שעה, — פון יענער זייט טישעל, און ער רעדט זיך אַדורך מיט איר:

— שווער צו האָבען אַ קינד אין אַמעריקע . . .

שטייט זי, און ציפּט אים פאַר'ן אַקסעל, ס'ווייבעל:

— פאַר וועמען רעדסטו? . .

ער שמייכעלט:

— אַזוי . . . די מאַמע פרעגט זיך אַליין וועגען אַ קינד, ווייסטו דאָך . . . שרייב איך איר . . .

ער זיצט אָפּ די איבריגע שטיקער טאָג, וואָס בלייבען אים אַ רעשט פון דער אַרבעט, — איבער די בריף; און ס'ווייב קריגט זיך מיט אים:

— דיין אָווערטיים!

אים וואַרימט עס; אַזוי ווי ער קומט נאָר אַהיים, גיט ער, ס'ערשטע, אַ קוק:

— פאַראַן, בריף?

ס'איז נישטאָ, איז אַ מאָגערער „סאַפּער"; הענגען זיינע ברעמען איבער די אויגען אַריבער, און ס'ווייב קריגט זיך מיט אים:

— קלעפּט מער אין דער מוטער, ווי אין ווייב . . .

לאָזט אים זיצען, און גייט אַליין פאַר אַ „וואָק"; זיצט ער איבער די בריף, און לעבט מיט דער מוטערס געדעכעניש:

אַז זי קומט אַן אַנדערש מאָל אַהיים, טאַנצט ער אַקעגען איר, און קושט איר:

— די מאַמע קומט! די מאַמע קומט! . . .

זי ווערט צעטומעלט:

— ווי? . . . זי קומט? . . .

— יאָ . . .

— שוין? . . . מ'ברויך שוין אַרויספאָרען אויף עליס־איילאַנד, איר אַראָפּנעמען? . . .

— נאָך נישט, אָבער כ'גלויב, אַז מ'וועט ברויכען — פאַלט ער ביי זיך אַראָפּ.

— אַזוי? און זיך נישט אַדורכגעשמועסט מיט אַ ווייב, כ'בין אַ הונט, ווייזט אויס . . .

ווערט ער רויט:

— נישט געוואָלט פאַרפירען קיין טענה . . .

און זי ברענט אַ וועלט:

— אַ, דעריבער ביזטו אַזוי געלעגען טאָג און נאַכט איבער די בריף, — אַ וואַזשנער שטיקעל אַרבעט געהאַט . . . אַ ריכטיגען „דזשאָב" צו מאַכען . . .

ס'ווערט אַ שטיקעל ברוגז; אַזוי לאַנג — ביז זיי קומען

---

אויסגעלאַסענקייט, הולטייסטוואָ און אומזיטליכקייט, האָט ער אין אמת'ן ניט געפּרעדיגט אַן אויסשליסליכען אַסקעטיזם, ווי חתונה האָבען און דאָס גלייכען, הגם ער האָט שטענדיג געפאָדערט, אַז הייראַט זאָל זיין הייליג, ווי אַן ענגע פאַרבינדעניש פון צוויי ליבענדע הערצער. סאַוואָנאַראָלאַ איז געווען דער גרעסטער פאַרערער פון קונסט און ער האָט זיך משתדל געווען, אַז די יונגע מאָנאַכען זאָלען זיך לערנען מאַלעריי. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער שונא פון אומזיטליכקייט. ער פלעגט זאָגען: דאָס שיינע איז אַלעמאָל זיטליך, דאָס אומזיטליכע קאָן ניט זיין שיין. צווישען זיינע פאַרערער זיינען געווען אַ סך קינסטלער, ווי מיקעל אַנדזשעלאָ און באַרטאָלאָמעאָ און אַנדערע.

סאַוואָנאַראָל איז אומגעקומען — שרייבט דער באַוואוסטער שריפטשטעלער פון יענער צייט, מאַקיאַוועלי — ווייל ער האָט ניט געקאָנט אָדער ניט פאַרשטאַנען ווי צו באַזיגען די ניט־פאַרגינער. סאַוואָנאַראָלאַ האָט געקעמפט קעגען די פּאָליטישע און רעליגיעזע מערדער און רויבער, נאָר מיט זויבערע מיטלען, בעת יענע האָבען געקעמפט קעגען אים מיט אַלערליי מיטלען, מיט שקרים, כאַבאַר, רכילות און העצעס. ער, דער נאָבעלער, גאָטספאָרכטיגער מאַן, האָט ניט געקאָנט באַקעמפען דעם פּאַבסט מיט זיינע אוצרות גאָלד, די ספּאָרצאַס, די אַריסטאָקראַטיע און די גאַנצע ליגע איטאַליענישע פירשטען, ניט האָבענדיג הינטער זיך די פולע שטיצע פון די מאַסען. און די מאַסען האָבען אים פאַרלאָזען אין סאַמע קריטישען מאָמענט; זיי זיינען אַוועק מיט די שטאַרקע און מאַכטהאָבענדיגע.

זיך צונויף פון דער ארבעט, און ברויכען זיין צוזאמען אין שטוב — אזוי שמייכעלט שוין זיין פנים, און גלעט איר מיט די אויגען:

— א, יא, דו ביזט נישט־בייז? . . .

---

די מאמע קומט — הייבט אן בלאזען א פריש ווינטעל.

— מא־מע!

א קליינע, א נידריגע, איינגעבוקטע, אויסגעטריקענטע מא־מע — אויף דראטען; אבער מיט א ווארים הארץ . . .

— כע־כע . . . שקאץ איינער, נישט געקענט איבער־קויפען די מאמע, אפילו מיט טאלערס, הע? . . .

און ער פרייט זיך:

— מאמע, כ'זע נישט אנדערש אויס? עלטער געווארען?

— ניין . . . נאר, די אויגען, אביסעל נישט ביי דער קאליר, — זעט די מאמע — ווייטער ווייסט זי נישט . . .

— און דאס איז דיין ווייב? — קושט זי זיין ווייב — א באשמעקט ווייבעל, כ'לעבען . . . כ'האב נישט קיין פרעטענ־זיע . . . איר זאלט זיך נאר עלטערן ביידע מיט גרוים עשירות...

זי האט אריינגעברענגט א ווארימקייט אין שטוב, די מאמע.

אין איהם, דעם מאן, פרייט זיך ס'הארץ:

— ביזטו אומצופרידען, מיין ווייבעל? — זאג . . .

— וואס מ'קען דא זיין אומצופרידען? . . . א שטילע מאמע . . .

— א טויב אין שטוב . . .

— יא, מ'קומט אהיים, שטייט שוין ס'עסען אויפ'ן טיש — וואס זי ווייסט צו זאגען . . .

זי קאכט טאקי „סאפערס“, די מאמע, און וויקט, און זאלצט ס'פלייש — ס'ארט איר גראד נישט; נאר ווען זי שטעלט פרייטאג די לייכטערלאך, און צינדט ליכט, די מאמע — לאזט זי אראפ די „ווינדע־שייד“; ס'איז איר א חרפה פאר דער איטאליענערקע . . .

דער זון גייט ארום איר ארום, און קוקט איר מיט א ליב־שאפט אין די אויגען:

— מאמע, ס'געפעלט דיר אמעריקע?

— יא, נאר דאס איינע: א ווייב ברויכט נישט גיין אר־בעטען . . .

גיט ער א קוק אויף איר, און שמייכעלט:

— נו? דו האסט דאך געברענגט א וועלט! . . .

— אין אמעריקע ארבעטען אפילו קינדער — לאכט זי.

— קינדער יא, — זאגט די מאמע, — נאר א ווייב נישט; א מאן, וואס לאזט ארבעטען א ווייב — האלט ער זי פאר קיין ווייב נישט . . .

— מאמע, זי וועט מיך גט'ן! — שרייט ער.

— „נעווער־מיינד“! כ'וועל דיך שוין נישט גט'ן, — זאגט זי, ס'ווייבעל — ווייל, דו ווילסט אויך, כ'זאל נישט ארבעטען . . .

— נאר, דו ווילסט? — פארשטייט נישט די מוטער — ווייס איך נישט חכמה! סיי, א פארקערטע וועלט דא ביי אייך, ווי מ'זאגט דארט אין דער היים . . .

---

די מוטער גייט ארום צעטראגען; אירע ברעמען פאלען אריבער איבער די אויגען, — זי האט הארצווייטאג:

— קיין עין־הרע, ס'זעקסטע יאר נאך א חתונה, ביז הונ־דערט און צוואנציג, און א ליידיגע שטוב? . . . ס'קאסט איר ס'געזונט . . .

זאגט זי:

— מ'קען נישט „אפארדען“, שווינער, צו האבען א קינד. ווייסט נישט די אלטע, נאר א מאמע, פילט זי: אז דער זון האט דערפון נישט קיין תענוג . . .

שווייגט זי . . .

האט מורא מער צו־רעדען, זי זאל הערען, די שניר . . .

ס'ווייבעל זעט, די מוטער סוד'לט זיך מיט'ן זון — צע־ברענט זיך אין איר א פייער:

כ'האב געוואוסט, אויף וואס ער נעמט איר אריבער, די מוטער . . .

לאזט ער אראפ נ'קאפ:

— א קינד נישט, און די מאמע — אויך נישט? . . .

די מוטער רוקט זיך דאן צוועק אין א ווינקעלע, און שאק־קעלט מיט דער נאמבע:

— מיין עסק, זאלען זיי פירען, ווי זיי פארשטייען: ס'איז זייער וועלט! . . .

ס'גייט אריבער א ווייל, ס'פאר־פאלק שטילט זיך איין, — הויב עס איר ווייטער אן צו בריען, ווי אן אלטע הון:

— כ'וואלט געגאנגען שווערען, אז ס'גייט איר אין דער ארבעט, וואס זי וועט נישט קענען מער ארבעטען, ס'נארישע מענטש . . .

ס'ווייבעל שרייט:

— כ'וויל נאך נישט אזוי פרי גיין אין שפאן . . .

און דער זון הייבט מיט די אקסלען:

— ס'אמעריקע . . .

---

ס'ווייבעל גייט ארום פארטראכט; איר מאנס בליקען, דער מוטערס פרעפלען, — קלעמען איר ביים הארץ; אז זי קומט אהיים איז א ברוגז'ער טיש; עסט מען שטיל, פארטאן, מ'שלינגט אראפ דעם ביסען, און מ'ווארגט זיך מיט אים . . .

דער מאן באמערקט דערביי, שמייכלענדיג:

— מ'עסט, א פנים, אזוי ווי ס'וואלט עמיץ געפעלט ביים טיש, וואס וואלט כאטש נעכטען געשטארבען . . .

ווארגען איר די טרערען, און קוקענדיג אויף זיין מוטער, שאקעלט זי צו מיט'ן קעפעל:

— ס'האט מיר אויסגעפעלט צרות, האסטו זיי מיר פאר־שאפט . . .

די מוטער פילט איר זונס צער, דאך: ס'זעקסטע יאר... און ווערט נאכמער געשטייפט ווי זי איז.

— מ'ברויך זיך לאזען אמאל צורעדען . . . אפילו א נא־רישקייט, און מ'טאר נישט זיין אזוי איינגעשפארט . . . מ'רעדט אמאל א מענטש צו צום גוטען . . . מ'נייט אים צו א גוטער זאך . . .

און זי שפירט זיך אין א קלעם, ס'ווייבעל; די מוטער זיינע איז עפיס שטארקער פאר'ן שטארקסטען ריז; זי וואקסט איר ארויס אין אירע אויגען, ס'דארע, קליינע, איינגעשרומ־פענע מאמעלע, ס'קליינע מאמעלע, — ווי א הארטע שטיק שאל אויף א בוים, וואס מ'קען מיט די שארפסטע ציין נישט אראפ־רייסען . . .

און זי באקלאגט זיך טאקי, ס'ווייבעל:

— יא, דיך האב איך געקענט בייקומען, מיין מאן; נאר, דיין מאמע — שוין נישט; דו האסט אבער געוואוסט, ס'ארא נעווער זיך אויף מיר צו פארשאפען . . .

ער זאגט איר דאן גארנישט, נאר נעמט איר ארום, קוקט אזוי מילד אין אירע אויגען:

— איך האב געקענט, זעסטו, פארבייגען . . . ווילסט נישט — וויל איך דיך נישט נייטען; נאר א מאמע, זעסטו, איז א שלעכטע זאך. זי לאזט זי נישט אפ'פטר'ן מיט בלויזע רייד . . . דיין מאמע, מיינסטו, וואלט אנדערש געווען? . . . יעדע מאמע, גלויב מיר, איז אזוי . . .

— ניין . . . א שווינער איז נישט קיין מאמע . . .

— זאלסט דאס נישט זאגען, מיין ווייב . . .

— ראצרייט! דו ביזט דאך איר זון, מוזטו האלטען מיט איר . . .

— ניין . . . ס'וואלט דיין מאמע געווען, וואלט זי אויך נישט מיט דיר געהאלטען . . .

און ס'ווייב פילט — זי ווערט נעבראכען; די מוטער קלעמט איר צו מיט'ן רעדען; דער מאן — מיט די בליקען; און זי ווערט נאכגיביג . . . שווערלאך, און — נאכגיביג . . .

— — — —

שפעטער, אז דער מאן שטייט־אויף, זי שטייט־אויף, בלייבט זי עפיס שטיין ביים פענסטער, און רירט זיך נישט . . .

פרעגט ער:

— דו גייסט נישט צו דער ארבעט?

נעמט זי נישט אוועק נ'קאפ פון פענסטער, און באכעט ארויס מיט א געוויין:

— ניין . . . כ'האב מיך נעכטען געזעגענט מיט'ן „שאפ“... כ'ארבעט שוין מער נישט פון היינט אן . . .

נעמט ביי אים שטראלען ס'פנים, און וויל ביי איר עפיס פרעגען; נאר די מוטער, וואס איז ערשט נאכמער שטייפער — שטעלט פאר איר אוועק א גלאז מילך אויפ'ן טיש:

גיי צו טרינקען, ברויכסט טרינקען מילך... א סך מילך...

און מאכט מיט דער האנט צו אים, ער זאל אוועקגיין:

— ס'איז גוט אזוי . . . ס'איז גוט אזוי . . .

# די רוסישע פרוי

פון דר. אסתר לוריע

אין אמעריקע האב איך געלעזען אין דער פרעסע וועגען דעם פראגרעס פון דער רוסישער פרוי. אויפ'ן גרונד פון דעם דאזיגען מאטעריאל האב איך אליין אויפגעוויזען אין מיינעם אן ארטיקעל אין „פריינד“, ווי די רוסישע פרוי האט איבערגעיאגט דער אמעריקאנער און דער אייראפעאישער פרוי צוליב דעם, וואס אין סאוויעט־רוסלאנד איז פון איר. איינגאנצען אראפ גענומען געווארען דער יאך פון דער ווירטשאפט. ווי לעכערליך ערשיינט מיר איצט דער דאזיגער מאטעריאל צוזאמען מיט מיין ארטיקעל. דאס רוסישע שפריכווארט „דו קענסט ניט דעם מענטשען, מיט וועלכען דו געפינסט זיך ניט צוזאמען“ קען מען איבערזאגען: „דו קענסט ניט דאס לאנד אין וועלכען דו געפינסט זיך ניט.“

אמת, די רוסישע פרוי האט אין סאוויעט־רוסלאנד פראגרעסירט קאלאסאל; באפרייענדיג זיך פון אלע ספעציעלע באגרענצונגען פאר פרויען, האט זי אין פיל הינזיכטען איבערגעיאגט די אמעריקאנער און די אייראפעאישע פרוי. די וואנט פון באגרענצונגען אבער, וואס די הויז־ארבעט לייגט אויף איר ארויף, איז נאך ווייט, ווייט אבער ניט צעבראכען.

אונזער סאוויעט־רעגירונג זעט דאס גאנץ גוט, און האנדעלט אויך אין איינקלאנג מיט דעם דאזיגען פאקט. און די איינריכטונגען (לײדער זיינען זיי גאנץ קליין אין צאל), וואס זיינען מאטעריעל בעסער באזארגט, קריגט דער ארבעטער אדער באאמטער א העלפט פון זיין „פאיאק“ פאר דער פרוי און העלפט פאר יעדען קינד, אדער אנדערע מיטגלידער פון זיין פאמיליע, וואס ער דארף אויסהאלטען. די רעגירונג איז דאס געצוואונגען צו טאן, ווייל מיר זיינען נאך איצט ווייט ניט אימשטאנד צו בויען די היים אויף אזעלכע עקאנאמישע יסודות, וואס זאלען אראפנעמען פון דער פרוי די לאסט פון דער הויז־ארבעט. מיר זיינען דאס געצוואונגען צו טאן ווייל מיר זיינען עקאנאמיש נאך ווייט ניט אימשטאנד צו שאפען גענוג פאסענדע קינדערהיימען.

ביי אונז איז די ווירטשאפט אזוי שווער, אז די פאדערט ניט בלויז די ארבעט פון דער פרוי, נאר אויך פון מאן און די קינדער. אין אמעריקע איז די הויז־ארבעט א קינדערשפיל אין פארגלייך מיט דער דאזיגער ארבעט אין רוסלאנד. אמת, די קיך נעמט ניט צו קיין סך צייט, ווייל אין גרעסטען פאל איז ניטא פון וואס צו מאכען קיין סך געריכטען. אבער וויפיל צייט נעמט אפ דאס ניט־נארמאלע רוסישע לעבען. איך קען זאגען מיט זיכערקייט, אז נאר א קליינער טייל פון די פעטראגראדער וואוינונגען האט וואסער אין ווינטער. די וואוינונגען זיינען פארפרארען, די רערען פלאצען, פארריכטען איז אפט ניטא מיט וואס און פארוואס. עס קומט אלזא אויס צו שלעפען וואסער אפטמאל עטליכע שטאק און אפטמאל א גאנצען בלאק. אין ניו־יארק האט די פרוי ניט קיין באגריף, וואס הייסט הייצען עטליכע אויוועגס, דא דארף מען חוץ דעם אויך זעגען און האקען האלץ. וויפיל צייט נעמט דא אפ די באזארגונג פון די פראדוקטען. אין הערבסט גרייט מען אן בוריקעס, קארטאפעל א. אז. וו. זיי ליגען אין דער קאלטער קיך, הייבען אן צו פרירען מען דארף זיי גאנץ היפש איבערקלייבען, ארויסווארפען די פארפוילטע. און ווייטער איז א פראגע פון זעקלאך. מען קריגט די פארציעס פראדוקטען אין די קאאפעראטיווען, מ'ברענגט זיי אין לייווענטענע זעקלאך. זעלבסטפארשטענדליך, אז יעדער האט ווייניג, און מען דארף שטענדיג שיטען, איבערשיטען, זוכען א. אז. וו. ווען קען אויסרעכענען די אלע ספעציעלע ארבעטען, וואס באלאסטיגען דאס רוסישע הויז־לעבען צוליב אונזערע ניט־נארמאלע באדינגונגען.

אט די דאזיגע שווערע באדינגונגען פון רוסישען לעבען פאדערען פון דער פרוי פיל ארבעט אין הויז, און דערפאר איז ניט קיין וואונדער, וואס עס עקזיסטירט גאנץ אפט די מיינונג, אז די פרוי דארף זיין בלויז א בעל־הבית'טע און א מאמע. ערשט די טעג איז מיר אויסגעקומען אין א העכערער מיליטערישער שולע וואו איך בין א לערער, צו דיסקוטירען וועגען דער פראגע מיט מיינע שילער. א גאנץ גרויסער פראצענט האט זיך ארויסגעזאגט קעגען דער עמאנסיפאציע פון דער פרוי. דאס זיינען די לאגישע אויספירען פונ'ם לעבען, די פראקטישע אויספירען אבער זיינען גאנץ אנדערע. ווי די רעגירונג זאל זיך ניט רעכענען מיט די באדינגונגען פון לעבען, איז זי ניט אימשטאנד אויסצוהאלטען די פרוי, און די לעצטע מוז זוכען עקזיסטענץ־מיטלען. א גאנץ קליינינקער פראצענט פון דער פרוי איז ניט געצוואונגען צו ארבעטען: דאס זיינען בלויז די ספעקולאנטען־פרויען און דער קליינער פראצענט פון פרויען, וועמען די רעגירונג איז אימשטאנד אויסצוהאלטען. זעלבסטפארשטענדליך, אז ביי די שווערע באדינגונגען פון רוסישען לעבען איז גאנץ שווער פאר דער פרוי, אפט איבער די כחות, צו זיין צוזאמען מיט'ן מאן א פארדינערקע און א באלעבאסטע.

ניט קוקענדיג אויף דעם האט די רוסישע פרוי שוין ערארבערט מער ווי וועלכע עס איז פרוי אויפ'ן ערדקוגעל. ווי אין אלע הינזיכטען, איז אויך דא אונזער רעגירונג א סאוויעטען־רעגירונג, אן אמת'ע פאלקס־רעגירונג. ניט בלויז האט זי געגעבען די גלייכבארעכטיגונג אויפ'ן פאפיר, נאר זי האט זי אויך דורכגעפירט אין לעבען. צווישען די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו־קאמיטע פון פעטראגראדער סאוויעט געפינט זיך א פרוי. עס איז זעלטען דא צו געפינען אן איינריכטונג, אין וועלכער פרויען זאלען ניט פארנעמען א וויכטיגע שטעלע. אמת עס זיינען דא פיל ווינקעלאך, וואו די פרוי רוקט זיך אריין אפילו ביי אונז גאנץ לאנגזאם, ווי דאס איז דער פאל אויפ'ן מיליטערישען געביט. אלס לערער פון מיליטערישע העכערע שולען קומט מיר אויס זייער אפט צו קומען אין בארירונג מיט די בילדונגס־אינסטיטוציעס פון די מיליטערישע איינריכטונגען און ערשט נעכטען האב איך דעם ערשטען מאל דא באגעגענט א פרוי, א פראקטישע טוערקע אויף דעם געביט.

די סאוויעט־רעגירונג איז אימשטאנד דורכצופירען די גלייכבארעכטיגונג פון דער פרוי, זי איז אבער ניט אימשטאנד צו באפרייען זי פון פיל פאראורטיילען געגען איר. וואו נעמט מען מיט אמאל א געזעלשאפט, וואס זאל זיין דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון דער גלייכבארעכטיגונג פון דער פרוי? אט לאמיר זיך אפשטעלען אויפ'ן פעטראגראדער טעכנאלאגישען אינסטיטוט. דא שטודירט א גאנץ קליין הייפעלע פון פרויען. זייערע לערער, די אלטע רוסישע פראפעסארען, וואס זיינען ניט געוואוינט צו זען אין זייערע אודיטאריעס דעם שיינעם געשלעכט, באציען זיך צו זיי גאנץ איראניש, און די סטודענטקעס פאלען ביי זיי גאנץ פיין דורך אויף די עקזאמענס. דאס איז אבער ווייט ניט קיין פאקט, אז די פרויען, די טעכנאלאגען זיינען ניט פעאיג. דאס דערמאנט מיר דעם פאלגענדען אינצידענט: אויך מיר האבען געהאט א פראפעסאר, וועלכער וואלט מיט גרויס חשק ניט דערלאזען אין זיין אודיטאריום קיין פרויען (אין דער פרייער שוייץ איז ער דאס ניט געווען אימשטאנד דורכצופירען), אויף די עקסקוירסיעס פלעגט ער אונז שטעכען, אז פרויען קומען אויף זיי אלץ אין א קלענערער צאל, מיר זיינען אבער ניט געווען פויל צו באווייזען, אז אונזער פראצענט פארקלענערט זיך ניט אזוי שטארק, ווי דער דאזיגער פון די מענער. דאס זעלבע קען מען אויך פון סטודענטקעס אין פעטראגראדער טעכנאלאגישען אינסטיטוט. דער פראצענט פון גאנץ פעאיגע איז איבערהויפט קיינמאל ניט גרויס. צו דעם דורכשניטליכען סטודענט באציט זיך דער פראפעסאר מיט חסד, און עס קומט פון אים ארויס א גאנץ גוטער אינזשיניר. צו דער דורכשניטס־פרוי באציט מען זיך אבער מיט פאראורטיילען, און דאס שטערט איר אין דער ארבעט.

אויך מיט די דאזיגע פאראורטיילען און די שטערונגען רעכענט זיך די רוסישע רעגירונג גאנץ ווייניג. זי בויט א נייעם אוניווערזיטעט און נייעם סטודענט־טיפ דעם ארבעטער־סטודענט. אין א טייל פון די ארבעטער־פאקולטעטען, וועגען

# אינדוסטריעלע קראַנקהייטען

פון דר. הענרי י. לעוויטאַן

.1

## היסטאָרישער איבערבליק

אינ'ם אָנפאַנג פון דער היסטאָרישער עפּאָכע, ווען די ערשטע מעדיצינישע געלערנטע האָבען אָנגעהויבען צו פאָרשען און דערגיין די סודות פון קראַנקהייטען, איז שוין באַוואוסט געווען, אַז געוויסע באַשעפטיגונגען זיינען אומגעזונט און פאַרורזאַכען קראַנקהייטען צווישען די אַרבעטער.

אין דער עפּאָכע פון היפּאָקראַטוס און גאַלען, די פאָטערס פון דער מאָדערנער מעדיצינישער וויסענשאַפט, זיינען שוין געשטודירט און פאַרצייכענט געוואָרען די שייכות און די ווירקונג פון געוויסע מלאכות אויפ'ן געזונט און אויפ'ן לעבענסדויער פון די אַרבעטער אין די געוויסע פאַכען.

די דערמאָנטע דאָקטוירים און פילע אַנדערע אַלטע געלערנטע פון יענער עפּאָכע רעדען אין זייערע שריפטליכע אָפּהאַנדלונגען וועגען די אורזאַכען פון קראַנקהייטען צווישען משאַטרעגער, מינען־גרעבער, מאַטראָזען, כעמיקער א. אַז. וו.

אין אַ שפּעטערדיגער פעריאָדע, באַקאַנט אַלס דער אָנהייב פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, אָדער די קינדהייט פון דער מאָדערנער אינדוסטריע, איז דאָס שטודיום פון שעדליכע באַשעפטיגונגען אָדער פאַך־קראַנקהייטען געוואָרען סיסטעמאַטיש שטרענגער און וויסענשאַפטליכער און מען האָט שוין אויך גענומען זוכען מיטלען ווי אַזוי צו פאַרמיידען די אַלע אומגעבעטענע קראַנקהייטען.

אינ'ם אָנהייב פונ'ם 17־טען יאָרהונדערט האָט פּראָפעסאָר ראַמאַזיני פונ'ם אוניווערזיטעט אין פּאַדואַ, איטאַליען, אָנגעשריבען די ערשטע וויסענשאַפטליכע אָפּהאַנדלונג וועגען פאַךקראַנקהייטען. און זינט יענער צייט איז די טעמע אויפגענומען געוואָרען פון אַלע לייטענדע מעדיצינישע געלערנטע אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער און אויך אין אַמעריקע.

צוזאַמען מיט'ן וואוקס און אַנטוויקלונג פון די מאָדערנע אינדוסטריען, איז אויך שנעל געוואַקסען און זיך אַנטוויקעלט די ליטעראַטור איבער די אינדוסטריעלע קראַנקהייטען. די מעדיצין און די אינדוסטריע זיינען שטאַרקע מחותנים, און דערפאַר זיינען נייטיג אַזעלכע מעדיציניש אַנטוויקעלטע קעפּ, וואָס זאָלען אויך פאַרשטיין די סאָציאַלע און אינדוסטריעלע באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט, צו באַהאַנדלען די דאָזיגע פּראָבלעם, כדי די אויספאָרשונגען פון דער פראַגע זאָלען זיין שטרענג וויסענשאַפטליך און קלאָר.

כדי אינטעליגענט צו פאַרשטיין די אינטערעסאַנטע און וויכטיגע טעמע פון אינדוסטריעלע קראַנקהייטען, איז אַבסאָלוט נייטיג כאָטש אַ קורצער היסטאָרישער איבערבליק איבער דער אַנטווירקלונג פון דער מאָדערנער פאַבריק־סיסטעם.

אינ'ם אָנהייב פונ'ם 16־טען יאָרהונדערט האָבען זיך געגרינדעט די ערשטע טוך־, לייוועגט־, צוקער־, היט־, זייף־ און פאַרב־פאַבריקען. צו יענער צייט זיינען אויך געווען פיל שפּינערס און וועבערס.

ענגלאַנד און דייטשלאַנד' זיינען געווען די ערשטע לענדער איינצופירען די דערמאָנטע אינדוסטריען אויף אַ גרויסען, מער אָדער ווייניגער מאָדערנעם, קאַפּיטאַליסטישען מאַסשטאַב.

די וועב־שפּינדעל איז ערפונדען געוואָרען אינ'ם יאָר 1767, און די דאַמף־לום—אין 1785. די דאָזיגע ערפינדונגען האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער מאָדערנער טעקסטיל (וועב) אינדוסטריע.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פאַבריק־סיסטעם איז אויסגעוואַקסען די נייטיגקייט פון דער קאָנצענטראַציע פון אַ גרויסער באַפעלקערונג אין די גרויסע פאַבריק־צענטערס. און מיט דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג אין די אינדוסטריעלע צענטערס האָט זיך אויך גענומען באַמערקען דער וואוקס פון אומגליקס־פאַלען און קראַנקהייטען, און די טויטען־ראַטע איז שרעקליך געשטיגען. און די אַרבעטער פון יענער צייט האָבען גענומען באַמערקען, אַז אַנשטאָט וואָס די דאַמף־מאַשין זאָל באמת פאַרבעסערען זייער לאַגע, ווי מען האָט זיי געוואָלט איינרעדען, האָט זי זיי גאָר פאַרוואַנדעלט אין שקלאַפען, און די פאַבריקען גופא זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין שלאַכט־הייזער, וואו זייערע לעבענס און געזונט זיינען אָפּגעקוילעט געוואָרען פאַר דער צייט. דאָס איז געווען יענע פעריאָדע, ווען קאַפּיטאַל האָט שוין דערשפּירט זיין וואַקסענדע מאַכט, און די אַרבעטערשאַפט האָט זיך נאָך ניט געהאַט אויסגעלערנט ווי אַזוי זיך צו אָרגאַניזירען און צו געניסען די ברכות פון סאָלידאַריטעט און איינינגקייט. דערפאַר איז די דאָזיגע פעריאָדע באַקאַנט אַלס די פינסטערסטע אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג.

אינ'ם אָנהייב פונ'ם 18־טען יאָרהונדערט איז דער יונגער דור פון ענגלאַנד געווען אַזוי פיזיש אויסגעמאַטערט, אַז דער דורכשניטליכער לעבענסעלטער פון אַן אַרבעטער איז געווען 22 יאָר, אין דער צייט, וואָס דער דורכשניטליכער לעבענס־עלטער פון די „בעסערע", ד. ה. רייכערע, קלאַסען, איז געווען 44 יאָר. די טויטען־ראַטע פון די אַרבעטער האָט דערגרייכט אַזוי הויך ווי 36 מענטשען פער טויזענט, כמעט 3 מאָל אַזוי פיל ווי היינט. דער דאָזיגער צושטאַנד איז געוואָרען אַזוי געפערליך, אַז די רעגירונג האָט זיך געזען געצוואונגען אין יאָר 1820 אָנצונעמען געזעצען צו פאַרהיטען דאָס געזונט און לעבען פון די אַרבעטער אין די מילען און פאַבריקען. זי האָט אויך אין יעדען פאַבריקצענטער אָנגעשטעלט אַ פרידענס־ריכטער און אַ פּריסטער אַכטונג צו געבען אויף דער סאַניטאַציע, אויפ'ן געזונט פון אַרבעטער און אויף דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון די פאַרשידענע אינדוסטריעס.

עס זיינען נאָך ניט געווען קיין געזעצען צו רעגולירען די אַרבעטס־שטונדען פאַר די אַרבעטער אָדער קליינע קינדער. דער דורכשניטליכער אַרבעטס־טאָג איז געווען 16 שטונדען, אָפּטמאָל מער. פאָטערס, מוטערס, ספּעציעל די קינדער, כמעט נאָך עופה'לאַך, האָבען אָנגעפילט די מילען און פאַבריקען פון יענער צייט און געלאָזט דאָרט זייערע לעבענס. און יענע פעריאָדע

---

וועלכע איך וועל רעדען אין קומענדיגען אַרטיקעל, גרייט זיך די פרוי צו, צוזאַמען מיט'ן מאַן צו די העכערע טעכנישע שולען, און ערשט דאַן וועט די פרוי קענען באַווייזען, אויב זי איז ווירקליך פעאיג אַרויפצוקלעטערן צוזאַמען מיט'ן מאַן אויפ'ן טורעם פון גייסטיגען לעבען.

אַ פּוילישער שפּריכוואָרט זאָגט: „קראַקוי איז אויפגעבויט געוואָרען ניט מיט אַמאָל". דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען דער רוסישער פרוי. ניט קוקענדיג אויף אַלע מעגליכקייטען, איז די רוסישע פרוי נאָך אָפּטמאָל קאָנסערוואַטיוו, מער אָפּגעשטאַנען פון מאַן. צווישען איר צו פאַרשפּרייטען בילדונג איז פיל שווערער ווי ביי דעם מאַן. אויף אַ פאַבריק, למשל, קומט אַ קאָמיסיע פאַר ליקווידאַציע פון אומוויסענהיים. מען פאַרשרייבט אַן אַרבעטערקע, זי מאַכט גוואַלדען: „איך האָב אָפּגעלעבט אַן אייער בילדונג פערציג יאָר, און קען קאָכען, וואַשען וועש, נייען, אויסנייען, פאַרדינען, אויף וואָס פאַר אַ טייוועל דאַרף איך האָבען אייער „גראַמאַטנאָסט"?

פּאָליטיש איז די פרוי אויך פיל מער אָפּגעשטאַנען פון מאַן. עס פירט זיך צווישען איר אַ ברייטע אַגיטאַציע, מיר אָרגאַניזירען ספּעציעלע פרויען־טעג, און מיר האָפען, אַז מיט דער צייט וועלען מיר אויך די דאָזיגע פעסטונג איינגעמען.

קען מיט רעכט באטראכט ווערען אלס דער גהינום פון ארבעט און דער גן־עדן פון קאפּיטאל.

ערשט אין יאָר 1844 איז אין ענגלאנד ארויס א געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטען צו באשעפטיגען אין די פאבריקען קינדער אונטער 8 יאָר אלט. דער פאַרלאמענט איז געווען געצוואונגען צו פאַרבאָטען דאָס שרעקליכע אכזריות צו פארמוטשען ביי דער ארבעט קינדערלאך אונטער 8 יאָר אלט. אָבער צו באגרעניצען די באשעפטיגונג פון קינדער צו א העכערען עלטער האָט דער פארלאמענט פון דער פרייער ליבעראלער ענגלאנד נישט געהאַט דאָס הארץ אזוי ווייט צו טאָן די קאפּיטאליסטען. און דאָס איז בלויז געווען עטוואָס מער ווי מיט א האלבען יאָרהונדערט צוריק.

די הילפלאָזיגקייט פונ'ם ארבעטער־קלאס איז געווען צום שטוינען.

די עטליכע פאקטען זיינען בלויז געבראכט געוואָרען צו אילוסטרירען, אז קאפּיטאל איז געווען פונקט אזוי געוויסענלאָז און הארצלאָז צו יענער צייט, ווי ער איז היינט. וואָלטען זיך די ארבעטער איצט ניט געשטעלט אנטקעגען און זיך אונטערגעגעבען אונטער אזעלכע באדינגונגען; וואָלט זייער לאגע נאָך היינט ניט בעסער געווען.

ביז צום יאָר 1878 זיינען 10־יאָריגע קינדער דערלויבט געווען צו ארבעטען 10 שטונדען א טאָג.

און בלויז א דאנק דער ארבעט און דער וואקסענדער מאכט, וואָס די רעגירונגס־דאָקטוירים האָבען גענומען קריגען, האָט זיך די לאגע פון קינדער־ארבעט גענומען פארבעסערען, און דאָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אין יאָר 1901.

און די דאָזיגע שרעקליכע צושטאנדען האָבען אָנגעהאלטען כמעט אין אַלע קאפּיטאליסטישע לענדער.

די מעדיצינישע פּראָפעסיע, ווי אויך די גייסטליכע, זיינען געווען א שטארקער פאקטאָר אין דער געזונט־פארבעסערונג פונ'ם ארבעטער־קלאס און האָט אויך פיל געהאָלפען צו לינדערען זיין שרעקליכע נויט.

און עס איז נאטירליך.

מענשען, וואָס קומען אין בארירונג מיט קראנקהייט, נויט און ליידען, מוזען נויטווענדיגערווייזע פילען א גרויסע סימפּאַטיע צו זייערע ליידענדע מיטמענשען, ספּעציעל ווען זיי באַגרייפען, אז די מערסטע פון זייערע קראנקהייטען און צרות זיי'נען פארמיידליכע און קענען פארמיטען ווערען.

אָבער לויבענסווערט ווי עס איז די ארבעט פון די גייסטליכע און די דאָקטוירים פאַר די פארבעסערונגען פון די ארבעטער־לאגע, איז אָבער דער הויפּט־פאקטאָר פון די דאָזיגע פארבעסערונגען געווען די מוטיגע שטעלונג פון די ארבעטער, וועלכע האָבען זיך גענומען העלדיש פארטיידיגען און ארויסווייזען זייער אמת'ע מאכט. די ארבעטערשאפט האָט גענומען באַגרייפען, אז זיין איינציגער פארמעגען איז — זיין געזונט, מחמת פון זיין געזונט העגנט אָפּ זיין שטיקעל ברויט. ווייל גלייך ווי ער ווערט קראנק אָדער אומפעאיג צו ארבעטען, מיינט עס הונגער, ליידען, צרות און נויט פאַר אים און זיין פאמיליע.

קראנקהייטען, וועלכע קומען פון געוויסע באשעפטיגונגען, זיינען פארמיידליך. דער ארבעטער, וואָס טוט א געפערליכע ארבעט, כדי צו פּראָדוצירען נייטיגע נוצליכע זאכען פאַר דער געזעלשאפט, איז דער נאָבעלסטער דינער פון דער געזעלשאפט, פונ'ם שטאט. ער איז א סאָלדאט אויף דעם אינדוסטריעלען פעלד, שטענדיג אויף דער פייער־ליניע, אויסגעזעצט צו די גרעסטע געפארען. דערפאַר איז עס דער חוב פונ'ם שטאט ניט נאָר צו טאָן אלץ אין זיינע כחות צו פארמיידען אינדוסטריעלע קראנקהייטען, נאָר אויך צו באזאָרגען דעם קראנקען ארבעטער און זיין פאמיליע אזוי לאנג ווי ער איז אומפעאיג צו ארבעטען, ביז ער קריגט צוריק זיין איינציג פארמעגען — זיין געזונט.

# צו דעם און צו דעם...

פון א. עסעלין

ס'איז ניט צו חלומ'ן געגעבען דיר דאָס לעבען אויף דער וועלט
און ניט אויף זוכען פעלערען אויף גאָט און ביבליאָטעק —
קען זיין, ס'איז אמת — אז די זון האָט אויך א פלעק.
נאָר ניט פאַר דיר האָט ווען עס איז א שטראל פון איר געפעלט.

ס'איז רעכט אמאָל א פייף צו טאָן אויף ווערק פון פילאָזאָף,
און אויף דער מעלאנכאָליע־ליעד פון קרענקליכען פּאָעט;
און אויף דעם צארטען נאָר ביים טיש פון קאבאַרעט,
וואָס זינגט „אָווע מארי" צו זיך אליין פון שלאָף.

ס'איז דאָ אזוי פיל אויפגעשפּונטע, פעסער־פול מיט וויין,
און באָקאלען, גרייט — פאַר יעדען אויג וואָס וואכט —
און וויפיל זיסער פייער גליט אין רייפען פרויען־טראכט,
אָט דאָס איז פרייד, — וואָס שטראָמט פון דור און דור אריין.

העי! ס'איז ניט צו חלומ'ן געגעבען דיר דאָס לעבען אויף דער וועלט,
פאַר יעדען אבר פון דיין גוף איז דאָ א טעטיגקייט פאראַן;
אזא וואָס שרייט, און רופט צו דיר ווי גלעקער פון א באַן,
און וויים: יעדער טאָג פארגייט און יעדע רגע פעלט.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

(שלוס פון זייט 4.)

באַשעפטיגט זיך מיט דער ווידעראויפבויאונג פון די אידישע ביבליאָטעקען אין די סאָוויעטען לענדער.

מיר זיינען זיכער, אַז מיט דערמיט איז דער ביכער קאַמפּיין אין אַ. ר. ניט פאַרענדיגט. אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער וועלען פאַרשטיין, אַז דאָס איז ערשט אַ שיינער אָנהייב. מיר דערוואַרטען דעריבער, אַז אונזערע ברענטשעס זאָלען זיך אָפּרופען אַזוי וואַרעם אויף דעם אַפּיל, וואָס זיי האָבען דערהאַלטען פון דעם ביכער קאָמיטעט, ווי זיי האָבען זיך אָפּגערופען אויף די אַנדערע קאַמפּיינס, וואָס מיר פירען אָן פאַר רוסלאַנד.

אונזער אַרבעט ווערט גוט אָפּגעשאַצט פון אונזערע רוסישע ברידער. עס איז ניט אַזוי די מאַטעריעלע הילף — וואָס איז אין אַזאַ שרעקליכער הונגער־צייט געווים פון גרויס וויכטיגקייט — ווי די מאָראַלע הילף. זייער באַוואוסטזיין, אַז זיי האָבען דעם מיטגעפיל פון צענדליגער טויזענטער הערצער אויף דער צווייטער זייט פון אַטלאַנטיק. ניט קיין וואונדער דעריבער, וואָס דער רוסישער רויטער־קרייץ האָט אויס אַנערקענונג צום אַ. ר. פאַר דער גלענצענדער הילפס־אַרבעט, וואָס ער פירט אָן פאַר רוסלאַנד, געגרינדעט אַ סאַניטאַריום אין דער וואָלגא געגענט אויף דעם נאָמען פון אַ. ר. מיר האָבען אין גענעראַל־אָפּיס ניט לאַנג צוריק באַקומען וועגען דעם אַ ספּעציעלע טעלעגראַמע פון סאָלאָוויאָוו'ן, דעם פאָרזיצער פון דעם רוסישען רויטען־קרייץ.

זאָלען מיר ווייזען אונזערע רוסישע ברידער און שוועסטער, אַז מיר פאַרדינען די אַנערקענונג, וואָס זיי האָבען אונז געגעבען. זאָלען מיר ווייטער פאָרזעצען אונזער הילפס־אַרבעט אויף אַזאַ אופן, אַז מיר זאָלען פאָלשטענדיג פאַרדינען די אַנערקענונג, וואָס איז אונז געגעבען געוואָרען.

* * *

**די גראַדואירונג פון די א. ר. לערער־קורסען** שבת, דעם 8־טען יולי, איז געפייערט געוואָרען אין ניו־יאָרק די גראַדואירונג פון די סטודענטען אויף די אַ. ר. לערער־קורסען דורך אַ יום־טוב'דיגען קאָנצערט. עס זיינען געוועזען פאַרטרעטער פון די אַ. ר. ברענטשעס און שולען אין און אַרום ניו־יאָרק. דער יום־טוב איז אָבער ניט געוועזען קיין ספּעציעל ניו־יאָרקער. די לערער, וואָס האָבען גראַדואירט, וועט געווים אויסקומען צו דינען דער אַ. ר. שול־באַוועגונג אין פאַרשידענע פונקטען פון לאַנד. זייער וויסען און פאַרבארייטונג פאַר דער קולטור־אַרבעט אין אַ. ר. וועט ווערען אויסגענוצט אין די אינטערעסען פון די פאַרוואָרפענסטע מקומות אויף אונזער מאַפּע.

מיר מעגען זיך גראַטולירען וואָס מיר האָבען צוגעקראָגען אַ גרופּע פון 16 אינטעליגענטע טוער און לערער אין אונזער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר זיינען דאָך אַזוי אָרעם אין אינטעלעקטועלע קרעפטען. מיר האָבען דעם אומגליק, אַז אונזער פאַרהעלטניסמעסיג גרויסע אינטעליגענץ אַנטלויפט פון אונז צו אַרבעטען אויף פרעמדע פעלדער. וויפיל בלייבען איבער ביי אונז, און פאַר אונז, פון די טויזענטער אידישע יונגע לייט, וואָס פאַרענדיגען זייערע שטודיומס אין די אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס און אוניווערסיטעטען? וואָס האָבען מיר פון זייער וויסען און פון זייער אינטעליגענץ? גאָרניט. און אויב מיר ווילען, האָבען מיר נאָך פון זיי וויניגער פון גאָרניט. פיל פון זיי ווערען אמת'ע שטרויכלונג־שטיינער אויף דעם וועג פון די אידישע אַרבעטענדע מאַסען פאַר אויפקלערונג און וויסען. זיי שעמען זיך מיט דער שפּראַך פון אונזערע מאַסען און מאַכען צו קליינגעלט איר קולטור און ליטעראַטור. אנשטאָט צו העלפען טרעפען מיר אין זיי ניט זייער זעלטען באַוואוסטזיניגע פיינט פון אונזער אַרבעט.

די גראַדואירונג אָבער פון די 16 סטודענטען פון אַן אינסטיטוציע, וואָס מיר אַליין האָבען אויסגעבויט מיט דעם צוועק צו שאַפען נייע קולטור־טרעגער און לערער פאַר אונזער באַוועגונג, זיינען אונזערע מיט אַלע זייערע אברים און חושים. זיי זיינען אַליין בלוט פון אונזער בלוט און פלייש פון אונזער פלייש; אַרבעטער ווי מיר, וואָס האָבען דורכגעפילט אויף זייערע אייגענע פּלייצעס די בייטשען פון דער איצטיגער אָרדענונג. זיי איז אויסגעקומען צו אַרבעטען ביי טאָג און צו פאַרדינען אויף זייער ברויט, כדי זיי זאָלען קענען ביי נאַכט לערנען, שטודירען און אָנקלייבען די מינימאַלע וויסענשאַפטען. וואָס איז זיי נייטיג כדי צו ווערען לערער אין אונזערע שולען. זיי ווייסען, אַז זיי האָבען ניט צו ערוואַרטען קיין גרויסע מאַטעריעלע גליקען פון זייער אַרבעט. זיי פאַרשטייען, אַז כדי צו שטיין אויף דער ריכטיגער הייך פון אַן אַ. ר. לערער, וועט זיי נאָך אויסקומען פיל צו לערנען. זיי האָבען זיך אָבער געפרייט צוזאַמען מיט אונז אין דעם באַוואוסטזיין, אַז די שווערע אָנשטרענגונג, וואָס זיי האָבען געמאַכט, אַרבעטענדיג אַזוי שווער טאָג און נאַכט, גייען ניט אַוועק לאיבוד און אַז זייער אויפטו איז דער אויפטו פון דער בילדונגס־טעטיגקייט פון אַ. ר.

מיר ווינשען אייך, נייע לערער און טוער, אַז אַ ברכה זאָל רוען אויף אייער אונטערגענומענער אַרבעט.

* * *

**אַ געלונגענע אונטערנעמונג** דער סאַניטאַריום קאָמיטע האָט זיך שוין איינגעגעבען אַ גאַנצע רייע אונטערנעמונגען, סיי אין ניו־יאָרק, סיי אויף דעם באָדען פון סאַניטאַריום אין ליבערטי. עס זיינען אַנוועזענד געווען צווישען 5 און 6 טויזענט מענטשען. אַזאַ ריזיגע אוידיטאָריע האָבען נאָך די אַרומיגע גרייז־אַלטע בערג ניט געזען.

אַ דאַנק דער פריינדליכקייט און פרייגיביגקייט פון באַרימטע קאָנצערטיסטען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער אונטערנעמונג איז ניט נאָר געשאַפען געוואָרען אַזאַ סאָלידע סומע, ווי איבער 3 טויזענט דאָלער, פאַר דעם לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, נאָר אַ פיל־טויזענט־קעפּיגע מאַסע האָט אויך געהערט אַ גראַנדיעזען קאָנצערט פון אמת'ע מייסטערס און געבענטשט די פאַרוואַלטונג פון אַ. ר. פאַר דעם גייסטיגען גענוס.

* * *

## 4 דאָלאַר אנשטאָט 10!

אַ זעלטענע געלעגענהייט פאַר די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג איינצושאַפען זיך די 6 בענד „אידישע נשמות", פון א. ליטווין. דער געוויינליכער פרייז פאַר די ביכער איז $10. מיר האָבען באַקומען די ערשט אַרויסגעגעבענע צווייטע אויפלאַגע פאַר $4, אין אַ באַגרעניצטער צאָל עקזעמפּליאַרען. שיקט גלייך אַריין אייער אָרדער. אַדרעסירט צום עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער־רינג, 175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

פאַרגעסט ניט אָנצוגעבען אייער ברענטש נומער!

# טעלעגראַמען צו דער 22טער קאָנווענשאָן פון אַרב. רינג אין טאָראָנטאָ

——— פון ———

בר. 1 — בויט אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער!
" 2 — בעסטע גליקוואונשען!
" 4 — בעסטע גליקוואונשען!
" 6 — בויט אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער!
" 8 — בעסטע וואונשען פאַר ערפאָלג!
" 15 — ווינשען ערפאָלג און האַרמאָניע.
" 16 — אינדאָרסירט די „פרייהייט".
" 23 — בעסטען ערפאָלג אין דער אַרבעט!
" 27 — בעסטע גליקוואונשען!
" 28 — ווינשען 100 טויזענט מיטגלידער צו דער נעקסטער קאָנווענשאָן.
" 38 — בויט אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער!
" 42 — ווינשען ערפאָלג.
" 51 — ערריכט דאָס גרעסטע.
" 52 — ווינשען ערפאָלג.
" 53 — פאַר דער צוקונפט איז גענוג איין קאָנווענשאָן אין צוויי יאָר.
" 65 — זאָל לעבען דער אַרבעטער-רינג!
" 67 — אַ פאַראייניגטען פראָנט, יערליכע קאָנווענשאָנס און אינדאָרסירען די „פרייהייט".
" 68 — מיר ווינשען אייך ערפאָלג!
" 75 — באַגריסען די 22טע יערליכע קאָנוו.
" 78 — ערריכט בעסטע רעזולטאַטען!
" 88 — אונזער ציל איז די באַפרייאונג פון אַרבעטער-קלאַס!
" 93 — ווינשען ערפאָלג.
" 96 — דער זעלבער ערפאָלג אין דער צוקונפט ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט.
" 99 — גייט אָן מיט קולטורעלער אַרבעט; די צוקונפט איז אונזערע.
" 106 — די „פרייהייט" זאָל אַנערקענט ווערען.
" 114 — העלפט דעם סאַניטאַריום אין דו-אַרטי! (קאַליפאָרניע)
" 116 — בעסטע גליקוואונשען!
" 129 — העלפט פינאַנציעל די „פרייהייט"!
" 147 — בעסטע גליקוואונשען פאַר פראָגרעס און ערפאָלג!
" 149 — האַרמאָניע און סאָלידאַריטעט זאָל זיין אונזער מאָטאָ! — פעלדמאַן.
" 149 — דער אַ. ר. איז דער עמבלעם פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג פון דער וועלט!
" 150 — אינדאָרסירט די „פרייהייט".
" 166 — מ. גאָלדבערג — אינדאָרסירט די „פרייהייט".
" 169 — דורכפירען די באַשלוסען פון פילאַדעלפיער צוזאַמענפאָר.
" 171 — זאָל אייער אַרבעט ברענגען ווייטערדיגען ערפאָלג!
" 176 — זאָל אונזער רינג פאַרשטאַרקט ווערען!
" 180 — העלפט דער „פרייהייט" מאָראַליש און פינאַנציעל!
" 183 — זאָל אייער אַרבעט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג!
" 195 — אינדאָרסירט די „פרייהייט"
" 200 — זאָלען אייערע פאַרהאַנדלונגען ברענגען די געווינשטע רעזולטאַטען!
" 206 — מיר אַנערקענען ספּעציעל די אַרבעט פון פר. גוסקין, טשערמאַן פון אַרבעטער-רינג.
" 208 — סאָלידאַריטעט ברענגט ערפאָלג!
" 225 — אינדאָרסירט די „פרייהייט"
" 226 — אינדאָרסירט די „פרייהייט".
" 224 — אייער ערפאָלג וועט ברענגען פרייד צו אַלע מיטגלידער!
" 240 — אַנערקענט די „פרייהייט".

בר. 277 — זאָלען אַלע אַרבעטער-צייטונגען אַנערקענט ווערען!
" 303 — מיר ווינשען דעם גרעסטען ערפאָלג!
" 308 — מיר פאָדערען די אַנערקענונג פון „פרייהייט"!
" 312 — אונזער פּרעסטיזש זאָל זיין אַן עמוד האש פאַר אייערע פאַרהאַנדלונגען!
" 36 — אַלע מיטגלידער פון אונזער ברענטש ווינשען אייך ערפאָלג!
" 315 — שטיצט די „פרייהייט"!
" 320 — דער געפיל פון סאָלידאַריטעט זאָל אייך באַגייסטערען!
" 324 — אַרבעט פאַר אַ מעכטיגען אַ. ר.!
" 335 — מיר האָפען אַז צווישען די אַרבעטער וועט ווידער הערשען האַרמאָניע.
" 349 — נעקסטע קאָנווענשאָן זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אויסער אַמעריקע!
" 351 — האַרמאָניע ברענגט גוטע רעזולטאַטען!
" 355 — שטיצט די „פרייהייט"!
" 368 — אַנערקענט די „פרייהייט"!
" 391 — קליינע בילס מיינט אַ גרויסע מיטגלידערשאַפט!
" 395 — מיר פאַרלאַנגען די אַנערקענונג פון „פרייהייט"!
" 417 — מיר פאַרלאַנגען די אַנערקענונג פון „פרייהייט"!
" 421 — מיר פאַרלאַנגען די אַנערקענונג פון „פרייהייט"!
" 439 — טוט אייער חוב פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע!
" 441 — האַלט אָן די זעלבע פּאָליסי ווי ביז איצט פאַר דעם ערפאָלג פון אַ. ר.!
" 450 — שטיצט די קראַנקע מיטגלידער אין קאָלאָראַדאָ!
" 451 — זייט אומפּאַרטייאיש צו אַלע ריכטונגען פון דער סאָצ. באַוועגונג!
" 457 — אייניגקייט האָט געמאַכט אונזער רינג גרויס!
" 471 — ווינשען ערפאָלג.
" 502 — טוט אייער אַרבעט ווי פריער מיט ערפאָלג!
" 507 — זאָל אונזער אָרדען פאָרזעצען זיין גרויסע קאָנסטרוקטיווע אַרבעט!
" 513 — אונזער באַנער איז געוואָרען אַזוי שיין צוליב שלום און האַרמאָניע!
" 516 — אינדאָרסירט די „פרייהייט"!
" 534 — איגנאָרירט ניט קיין ריכטונג!
" 555 — ווינשען ערפאָלג באַזונדערס פאַר דער קולטורעלער אַרבעט!
" 559 — אייניגער פון די יונגסטע ברענטשעס באַגריסט אייך!
" 571 — מיר האָפען אַז אייער קולטורעלע אַרבעט וועט זיין ערפאָלגרייך!
" 582 — מיר ווינשען אייך נאָך גרעסערען פּראָגרעס!
" 585 — בעסטע גליקוואונשען!
" 580 — אַנערקענט די „פרייהייט"!
" 592 — מיר ווינשען אייך ערפאָלג אין אַלע אייערע אונטערנעמונגען!
" 600 — זאָל די קאָנווענשאָן דעמאָנסטרירען אַז דער אַ. ר. שטייט ווי אַ פעלז!
" 620 — אַנערקענט די „פרייהייט"!
" 637 — די פריינדשאַפט פון דער פאַרגאַנגענהייט זאָל פירען אייער איצטיגע אַרבעט!
" 642 — זאָל די צוקונפט ניט ברענגען קיין ערגערע רעזולטאַטען ווי די פאַרגאַנגענהייט!

בר. 655 — זאָל צוטרויען צו אַלע ריכטונגען שטאַרקען אונזער סאָלידאַריטעט!
" 661 — די אמת'ע אידישע פאַרמערס באַגריסען אייך!
" 701 — מיר פאָדערען די אַנערקענונג פון „פרייהייט"!
703 — זאָל אייניגקייט זיין דער רעזולטאַט פון אייער אַרבעט!
" 705 — זאָלען אייערע פאַרהאַנדלונגען פאַרשטאַרקען אונזער אָרגאַניזאַציע!
" 710 — האָט אין זינען די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען פון אונזער אָרגאַניזאַציע!
" 713 — אַנערקענט די „פרייהייט"!
" 715 — אַנערקענט די „פרייהייט"!
" 725 — גליקוואונשען צו דער קאָנווענשאָן!
" 736 — שטיצט די „פרייהייט"!
" 386 — אַנערקענט די „פרייהייט"!
" 224 — שטיצט די „פרייהייט"!

ניו-יאָרק סיטי קאָמיטע — זאָל אונזער אָרגאַניזאַציע זיין דער שטאָלץ פון דער אַרבעטער-וועלט!

באַלטימאָר סיטי קאָמיטע — שאַפט אַ פאַראייניגטען פראָנט!

וויסקאָנסין דיסט' קאָמ. — בעסטע גליקוואונשען!

סאַטערן קאַליפאָרניע דיסט. קאָמ. — לאָיאַליטעט צו אונזערע טראַדיציעס און אידעאַלען!

שיקאַגאָ סיטי סענטראַל קאָמ. — באַגריסען אין נאָמען פון שיקאַגאָער ברענטשעס.

פילאַדעלפיע דיסט. קאָמ. — אַלע אַרבעטער פון דער וועלט זאָלען זיין פאַראייניגט!

לייסעאָם פעדעראַציע פון פילאַדעלפיע — אַ. ר. דער סימבאָל פון אייניגקייט.

מאָנטרעאַל סיטי סענטראַל קאָמ. — טוט אייער חוב! מיר באַגריסען אייך!

נאָרט קאַליפאָרניע דיסט. קאָמ. — שטיצט די סאָוויעטען דעלעגאַציע אין גענוע!

א. זאַק, קאָנעקטיקוט דירעקטאָר — מיטגלידערשאַפט זאָל זיך דאָבלען ביי דער נעקסטער קאָנווענשאָן!

מ. מינדלין, ניו-יאָרק דירעקטאָר — האַרציגע באַגריסונגען!

בעלמאַן, מינעסאָטאַ דירעקטאָר — ברענגט די בעסטע רעזולטאַטען!

מילער, ווירדזשיניע דירעקטאָר — פאַראייניגטע קרעפטען פון אַ. ר.!

סיימאָנס, קאַליפאָרניע דירעקטאָר — טאָלעראַנץ און האַרמאָניע נייטיג פאַר דער אַרבעטער-קלאַס עמאַנציפּאַציע!

פ. געליבטער, עקזעק. סעק. אַ. ר. — קערט זיך אום מיט ענטוזיאַזם פאַר מער אַרבעט!

סעמעטערי דעפּאַרטמענט — זאָל אייער אַרבעט זיין געקרוינט מיט ערפאָלג!

אָפּיס סטעף פון אַ. ר. — צום ענדציל פון באַפרייאונג!

מעדיקאַל דעפּאַרטמענט — דער מעדיקאַל דעפּט. זאָל ווערען אַ נאַצ. אינסטיטוציע!

אַ. ר. קאָאָפּעראַטיוו אַסס'ן — מיר באַוואונדערען דעם ערפאָלג פון אייער קאָאָפּעראַטיווער אונטערנעמונג!

קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי פון בראָנזוויל — אייניגקייט זאָל הערשען אויף דער קאָנוו.!

### באַגריסונגען פון אַ. ר. שולען

שיקאַגאָ סיטי עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע — די קולטורעלע אַרבעט זאָל אייך זיין נאָענט!

שול-קאָמיטעט, פילאַדעלפיע — ראַטעוועט אונזער קומענדיגען דור!

פילאַדעלפיער שול-פאַרוואַלט. — שטרענגט זיך אָן פאַר די אַ. ר. שולען!

חאַרלעמער שול — מיר ווינשען אייך ערפאָלג!

פילאַדעלפיער קינדער פון אַ. ר. שול — באַגריסט דער קאָנווענשאָן!

אַ. ר. קינדער־קלוב, נומ. 1, באַלטימאָר — מערט און באַפעסטיגט די איד. אַ. ר. שולען!

נ. י. סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע — די קינדער ציען זייער סאָציאַליסטישע ערציאונג פון אַ. ר. שולען!

## באַגריסונגען פון איינצעלנע פערזאָנען

ל. אַרקין — ווינש אַן ערפאָלגרייכע קאָנווענשאָן!

סאמועל עלקין — טוט אייער אַרבעט!

באַרים פינגערהוד — זאָל זיין 100 טויזענט מיטגלידער צו דער נעקסטער קאָנווענש.!

א. אלפערט — ערפאָלג פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל!

אַרקאַס שטערמאַן — אייער אַרבעט זאָל ברענגען ברכה צו אונזער אָרגאַניזאַציע!

יעקב ראָזענבערג — אייערע באַשלוסען זאָלען שטאַרקען אונזער רינג!

ל. טרעדלער — באַגריסט די באַאַמטע און דעלעגאַטען.

א. הילמאַן — ווינש אייך ערפאָלג!

## אַפּילם פאַר שטיצע

עס־פּאַציענטען פון אַ. ר. סאַניטאַריום — פאַרגעסט ניט אָן אונז!

אַ היים פאַר טובערקולאָזיס פון אַ. ר. עקס־פּאַציענטען — ערפאָלג צו די דעלעגאַטען אין זייער אַרבעט!

מיטגלידער פון קאַליפאָרניע — שטיצט דעם סאַניטאַריום אין דוראַרט!

בר. 549 — צאָלט אויס די טויטען־בענעפיט צו אונזער גע'הרג'עטען מיטגליד, אלעקס רהיין!

ה. סאנדלער, מ. ל. — איך בין פּאַראַליזירט, העלפט מיר!

פּאַציענטען פון אַ. ר. סאַניטאַריום — טוט אַלץ פאַר אונזער סאַניטאַריום!

## באַגריסונגען פון פאַרשידענע צווייגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג

פאַראייניגטער אַסעמבלי דיסט. פון ברוקלין — דער אַ. ר. און אַרבעטער־סאָלידאַריטעט איז איין זאַך!

אידישער קאָמיסאַריאַט פון רוסלאַנד — מיר דאַנקען פאַר דער שטיצע. העלפט די אינסטיטוציעס!

באַרבער יוניאָן, לאָק. 752 — ברידערליכע גליקוואונשען צו די באַאַמטע און דעלעגאַטען!

באָרד אוו טראַסטיס — אייערע פאַרהאַנדלונגען זאָלען זיין פאַר'ן בעסטען פון אייערע מיטגלידער!

קלאָוק און סוט אפּערייטאָרס יוניאָן, לאָק. 1 — ערוועקט די אידעאַלען פון דעם אַרבעטער־קלאַס!

היברו טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, נומ. 83 — דערגרייכט נאָך בעסערע און גרעסערע רעזולטאַטען!

יעפים ישורין — מיין האַרץ און נשמה זיינען מיט אייך!

סאָציאַליסטישע קאָנווענשאָן — העלפט אָרגאַניזירען די אידישע אַרבעטער!

אינטערנעשאָנאַל פאַר אַרבעטער יוניאָן — מיר באַוואונדערען אונזער גרויסע אָרגאַניזאַציע!

אידישע פעד. פון וואָירקערס פּאַרטי — העלפט בויען אַ ריכטיגע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג!

ווהייט גודס אַרבעטער יוניאָן — ברענגט פאַרשטענדיגונג צווישען אַלע פראַקציעס!

שיקאַגאָ פּיפּעלס רעליף — מיר ווינשען אייך דעם בעסטען ערפאָלג!

אינטערנעשאָנאַל לוידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן — גייט אָן מיט אייער אַרבעט צו אָרגאַניזירען אידישע אַרבעטער!

נעשאָנאַל דעפענס קאָמ. — האַלט אָן אייער רעקאָרד פון דער פאַרגאַנגענהייט.

איד. בר. וואָרקערס פּאַרטי, פּיטסבורג — דער אַ. ר. איז דער פּלאַן פאַר אַלע ריכטונגען!

ראָזאַ ראָיסאַ, רומיני — בעסטע גליקוואונשען!

נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַרבעטער קראַנקען און אינשורענס פאָנד — גראַטולירען אווער ערפאָלג!

6־טער אַסעמבלי דיסט. ס. פּ. — אייער סאָצ. און אַרב. באַוועגונגס אַרב. זאָל האָבען רייכע רעזולטאַטען!

דזש. באָרד אמאל. קלאָטהינג וואָרקערס — קומט שטאַרקער פון דער קאָנווענשאָן ווי ווען עס איז!

דזשאָרדזש דזש. פּענקין — די אַ. ר. דינסטען פאַר אַרבעטער קענען ניט אויסגעמאָסטען ווערען!

ס. פּ., לאָק. ניו־יאָרק — דערענטערט דעם טאָג פון ברידערליכקייט פון אַלע מענטשען!

ס. פּ. 1־טער און 2־טער א. ד. — מאַכט אייער אָרגאַניזאַציע די גרעסטע אין די אינטערעסען פון אַרבעט!

וויליאַמסבורג עדיוק. אַליאַנס — בעסטע גליקוואונשען!

יוגענד סאָצ. ליג — דינט די אינטערעסען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג!

איד. סאָצ. פאַרבאַנד — זאָל דער אַ. ר. בלייבען טריי זיינע אַלטע טראַדיציעס פון אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם!

י. ל. מאַגנעס — טוט אַלץ פאַר דעם אידישען ביכער־פאָנד אין רוסלאַנד!

העט און קעפּ מאַכערס יוניאָן — זאָל דער אַ. ר. אימער פּראָגרעסירען!

דזש. באָרד קלאָקמייקערס יוניאָן — אונזער אַרבעט זאָל ברענגען די בעסטע רעזולטאַטען!

היברו אימיגראַנט עיד סאָסייעטי — אַ דאַנק פאַר דער מאָראַלער און מאַטעריעלער שטיצע!

אמאל. טעקסטיל אַרבעטער — דער אַ. ר. איז אַ מאָדעל פון גרויסקייט פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע!

היברו דעי נורסערי — אַ ברכה פאַר אייך פון 200 אומגליקליכע קינדערלאַך!

נעקווער מייקערס יוניאָן, נ. י. — זעצט פאַר אייער איינפלוסרייכע און שיינע אַרבעט!

מ. צעכנאָוויץ — בעסטע גליקוואונשען!

לאָק. 1 און 9 אינטערנעשאָנאַל — בעסטע גליקוואונשען!

דזש. באָרד פון קינדער־קליידער יוניאָן — מיר זיינען פאַר אַ פאַראייניגטען אַ. ר.!

היברו בוטשערס יוניאָן, נ. י. — בעסטע גליקוואונשען!

עזרת נשים פון טאָראָנטאָ — זאָל אייער קאָנווענשאָן זיין פול מיט פריוד און גליק!

אמאל. קליידער אַרב. יוניאָן — זאָל אייער אַרבעט זיין פאַר דעם וואָוילזיין פון דער אַרבעטער־באַוועגונג!

עקזעק. קאָמ. איד. פעד. פון וואָרקערס פּאַרטי — זייט געגריסט. לאָזט אַ פרייע פּלאַטפאָרם פאַר אַלע מיינונגען!

ראַשקעס־אידגעזקאָם — זיכער אַז דער אַ. ר. וועט טאָן אַלץ צו העלפען די אַרבעטענדע מאַסען אין רוסלאַנד!

דזש. באָרד פּאָריערס יוניאָן — זייט אַזוי איינפלוסרייך ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט!

מאיר לאָנדאָן — צו פאַרגרינגערען צרות, צו שאַפען ברידערליכע געפילען, צו העלפען די אומגליקליכע, צו מאַכען אמת'ע זעלבסט־הילף מעגליך, צו פאַרניכטען יעדע פאָרם פון אונטערדריקונג, אַפּצושאַפען נאַציאָנאַלע פאָראורטיילען, צו טאָן די אַלע זאַכען מיט ליבע און אינטעליגענץ, איז די מיסיאָן פון דער באַוועגונג פון וועלכער איר זייט אַ טייל!

יודזשין וו. דעבס — איך דאַנק אייך פאַר אייער נאָבעלער אַרבעט. אייערע ליבע אויסדרוקען באַגייסטערען מיר און שטאַרקען מיר אין מיין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט. ווינש אייך דעם בעסטען ערפאָלג!

## צוויי וויכטיגע רעזאָלוציעס אָנגענומען אויפ'ן פּיטסבורגער קאָנפ. פון אַרבעטער־רינג

ביי דעם קאָנפערענץ פון די 14 בראַנטשעס פון דעם אַ. ר. אין פּיטסבורגער דיסטריקט, אָפּגעהאַלטען זונטאָג דעם 18־טען יוני, איז אָנגענומען געוואָרען די פאָלגענדע צוויי רעזאָלוציעס:

## רעזאָלוציע וועגען קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר דער עקאָנאָמישער אויפבויאונג פון סאָוויעט רוסלאַנד

נעהמענדיג אין אַכט, אַז עס איז געשאַפען געוואָרען אין אַמעריקע, אויף דער איניציאַטיווע פון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס יוניאָן, אַ רוסיש־אַמעריקאַנישע אינדוסטריעלע קערפּערשאַפט מיט'ן גרונט־קאַפּיטאַל פון אַ מיליאָן דאָלאַר, און נעמענדיג אין אַכט אַז די דאָזיגע קערפּערשאַפט האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו שאַפען די נויטיגע סומען געלט, וואָס זאָל אַריינגעלייגט ווערען אין דעם אַנטרייב פון די קליידער און טעקסטיל אינדוסטריע אין רוסלאַנד, אויף אַזאַ אופן, אַז דערפון זאָלען פּראָפיטירען די אַרבעטער און אַנדערע אין אַמעריקע, וואָס לייגען אַריין אין דעם געלט, און אַז דער אינדוסטריעלער ווידעראויפבוי פון רוסלאַנד זאָל אַ דאַנק דעם פאַרשנעלערט ווערען, און נעמענדיג אין אַכט, אַז די סאָוויעט־רעגירונג פון רוסלאַנד האַלט דעם דאָזיגען פּלאַן פאַר העכסט וויכטיג און באַהילפיג פאַר דער אַנטוויקלונג פאַר דער אַרבעטער־רעפּובליק און נעמענדיג אין אַכט, אַז הינטער דער רוסישער אַמעריקאַנער אינדוסטריעלער קערפּערשאַפט שטייט די איניציאַטאָריע פון דער זאַך — די אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס און אַלע טיילען פון דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־באַוועגונג.

זיי עס באַשלאָסען, אַז די קאָנפערענץ פון די אַ. ר. בראַנטשעס פון פּיטסבורג באַשטימט צו שטעלען זיך אין רייע מיט דער גאַנצער אַקציאָנס־פעאיגער אַרבעטער־באַוועגונג און שטיצען מיט אַלע קרעפטען די גרויסע און וויכטיגע אונטערנעמונג, וואָס האָט אַלע אויסזיכטען צו ווערען אַ היסטאָרישער שריט אינ'ם לעבען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג פון דעם לאַנד, און זיי עס אויך באַשלאָסען, אַז די בראַנטשעס פון דיסטריקט און די מיטגלידער זיינען אויפגעפאָדערט צו העלפען אַקטיוו אין דער באַוועגונג און סובסקרייבען די שערס פון דער קערפּערשאַפט.

## רעזאָלוציע וועגען דעם געצייג־קאַמפּיין פון פּיפּעלס רעליף

נעמענדיג אין אַכט, אַז די פּיפּעלס רעליף אין אַמעריקע פירט אין אַן אַ קאַמפּיין צו זאַמלען אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר געצייג פאַר די אידישע מאַסען אין רוסלאַנד צו געבען זיי די מעגליכקייט צו שטעלען זיך אויף די פיס דורך קאָנסטרוקטיווער הילף, און נעמענדיג אין אַכט, אַז די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע באַשטייט פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע און דער אַ. ר. איז איינע פון די קערפּערשאַפטען, וועלכע איז אַלע מאָל געשטאַנען מיט דער פּיפּעלס רעליף און גענומען אַן אַקטיווען אַנטייל אין אַלע אירע קאַמפּיינס.

זיי עס באַשלאָסען, אַז די קאָנפערענץ פון די אַ. ר. בראַנטשעס פון פּיטסבורגער דיסטריקט, פאַרזאַמעלט זונטאָג דעם 18־טען יוני אין דזשאָנסטאָן, פּאַ., באַשליסט אויפצופאָדערען די בראַנטשעס אין דעם דיסטריקט צו העלפען דער פּיפּעלס רעליף אין דעם וויכטיגען קאַמפּיין פאַר געצייג.

דזש. טוויג, קאָנפ. סעקרעטער.

# באריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען זונטאָג דעם 11־טען יוני, 10 פרי, מיט פריינד ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

### צושריפטען

פון בר. 13 און 147, — שיקען צו אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער די האַנדלונגען און באַשלוסען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן ווערען גוטגעהייסען.

פון בר. 129, 175, 271, 313 און 454, — דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען די צוויי רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון בר. 84 און 187, — פּראָטעסטירען העפטיג געגען דעם וואָס זייערע ברענטשעס זיינען דערמאָנט געוואָרען אַלס די יעניגע, וועלכע האָבען באַשלאָסען זיך צו באַטייליגען אין דער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן": זיי לייקענען אָפּ, אַז דאָס איז געווען אָן אָפיציעלער באַשלוס פון ברענטש.

פון בר. 210, — שיקען צו אַ קאָפּיע פון דעם אויפרוף, וועלכען זיי האָבען אַרויסגעשיקט צו אַלע ברענטשעס אין באַצוג צו די באַשלוסען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן. אין אָט דעם צושריפט אַפּעלירען זיי צו די ברענטשעס ניט אָנצושליסען זיך אָן דער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן", נאָר זיי פאָדערען אויך, אַז די ברענטשעס זאָלען שרייבען צו דער עקזעקוטיוו צו רופען אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן, וועלכע זאָל צוריקציען די צוויי רעזאָלוציעס. עס ווערט באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעציעלען מיטינג פון בר. און שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער.

פון בית משה האָספּיטאַל, ברוקלין, — באַדאַנקען פאַר די $300, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען.

פון פר. סידני הילמאַן, פּרעזידענט פון דער אמאלגאמייטעד קלאָטהינג וואָירקערס, — ער שרייבט, אַז עס וועט פאַר אים אוממעגליך זיין צו זיין ביי אונזער מיטינג איבערצוגעבען דעם פּלאַן וועגען דעם מיליאָן דאָלאַר קאָרפּאָריישאָן פאַר קאָנסטרוקטיווע אַרבעט אין רוסלאַנד, ווייל ער וועט היינט זיין אויסער ניו־יאָרק.

פון בראָנזווילער־איסט ניויאָרק האָספּיטאַל, — באַדאַנקען פאַר די $300, וואָס איז צו זיי צוגעשיקט געוואָרען.

פון אַרבעטער־רינג אין ענגלאַנד, — זיי מעלדען, אַז ביי זיי שטייט איצט די פראַגע וועגען שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט אונז וועגען אַ פאַראייניגונג פון ביידע אָרגאַניזאַציעס. זיי בעטען, אויב עס איז מעגליך, איינצואָרדענען, אַז זייערע מיטגלידער, וועלכע קומען קיין אַמעריקע, זאָלען ביי אונז אַריינגענומען ווערען מיט אַ טרענספער. זיי דערקלערען, אַז זיי זיינען וויליג אויך אונזערע מיטגלידער אַריינצונעמען מיט די זעלבע באַדינגונגען. עס ווערט באַשלאָסען צו באַראַטען זיך וועגען דעם מיט אונזער ליגעל אַדווייזער.

פון רוסישען רויטען־קרייץ אין מאָסקווע, — זיי לאָזען וויסען, טעלעגראַפיש, אַז זיי האָבען אַ פּאַסענדע געביידע אין האָמעל פאַר אַ האָספּיטאַל, וועלכען מיר פּלאַנעווען אויסצושטאַטען. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

---

פר. קאָהען באַריכטעט, אַז ער איז געווען פאַרטראָטען ביי דעם 15־יעריגען יובילעאום פון בר. 132, און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ בענעפיט קאָמיטע

פר. לאַנגער באַריכטעט, אַז די נאַצ. בענעפיט קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דעם 1־טען יוני. ער (לאַנגער) איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און פר. בערמאַן אַלס וויים־טשערמאַן.

ער ערקלערט, אַז בר. 705 האָט צוגעשיקט אַ סטייטמענט פון אַ קיראָפּראַקטאָר, וועלכער האָט קורירט זייערען אַ מיטגליד אויף רומאַטיזם. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען ניט אויסצוצאָלען די בענעפיט, ווייל דער סטייטמענט איז ניט פון אַ מעדיצינישען דאָקטאָר, נאָר פון אַ קאַראָפּראַקטאָר.

בר. 260 האָט צוגעשטעלט סטייטמענטס פאַר די קראַנקען־בענעפיט פון פאַרשטאָרבענעם ל. גרינבערג, וועלכער איז קורירט געוואָרען פון דר. האַלפּערן. אַזוי ווי די עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסען אויסצוצאָלען פאַר אים די קאָנסאַמפּשאָן בענעפיט, פאַרלאַנגען זיי, אַז אויך די קראַנקען בענעפיט זאָל פאַר אים אויסגעצאָלט ווערען פאַר דער צייט פון זיין קראַנקהייט ביז ער איז געשטאָרבען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען די בענעפיט אויסצוצאָלען.

וועגען די סטייטמענטס פון בר. 705, ווערט באַשלאָסען אָנצוּפרעגען ביי דער מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד און הערען זייער מיינונג וועגען דעם.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. ל. דינערשטיין באַריכטעט, אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דעם 30־טען מאַי. ער (דינערשטיין) איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און פר. לעוויטאַן אַלס וויים־טשערמאַן.

פר. דינערשטיין באַריכטעט פאָלגענדעס:

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אָנצופירען אַ קאַמפּיין פאַר 100 טויזענט מיטגלידער אין אַ. ר.

עס איז באַשטימט געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו צו רופען די ברענטשעס צו פאַרענדיגען דעם קאַמפּיין פאַר דעם אַ. ר. האָספּיטאַל אין רוסלאַנד.

ס'איז אויך באַשלאָסען געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו צו רופען די ברענטשעס ווי אויך די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, אַזוי גוט ווי אַלע אונזערע מיטגלדער, צו העלפען דעם „געציייג קאַמפּיין" פאַר רוסלאַנד, וואָס ד פּיפּעלס קאָמיטע פירט אָן.

פר. לעוויטאַן איז געשיקט געוואָרען אין באָסטאָן צו זען אַז די 10 טויזענט לאַבען ברויט, וואָס זיינען באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן פאַר די וועבער סטרייקער, זאָלען ווי געהעריג צעטיילט ווערען. ער האָט געהאַט אַ מיטינג מיט פאַרטרעטער פון די פאַרשידענע יוניאָנס, וועלכע פירען אָן דעם סטרייק. ס'איז באַשטימט געוואָרען איינצוטיילען די 10 טויזענט לאַבען ברויט ווי פאָלגט: 4 טויזענט צווישען די מיטגלידער פון די אמאלגאמייטעד טעקסטיל וואָירקערס, 4 טויזענט פאַר די יונייטעד טעקסטיל וואָירקערס און 2 טויזענט פאַר די „וואַן ביג יוניאָן". פר. לעוויטאַן האָט געהאַט אַ מיטינג מיט דער באָסטאָן דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע האָט דערקלערט, אַז זיי וועלען אָנפירען זייער אַרבעט צווישען די מיטגלידער און ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג, ווי ביז איצט.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האַלט אין אינסטאַלירען נייע ברענטשעס פון פּולטוסקער לאַנדסלייט און פון בוטשער אַרבעטער.

בר. 124 האָט זיך לעצטענס פאַראייניגט מיט בר. 132.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אויפצולייזען די באָסטאָן דיסטריקט קאָמיטע, ווייל אַנשטאָט צו העלפען דער עקזעקוטיוו אין איר טעטיגקייט, האָט די קאָמיטע געשטערט די אַרבעט. אַפילו די איינצעלנע מיטגלידער פון דער באָסטאָן דיסטריקט קאָמיטע, אין זייערע עפענטליכע אַרויסטרעטונגען, האָבען געהאַלטען אין איין אַטאַקירען און באַשמוצען די עקזעקוטיוו און די טוער פון אַ. ר. צוליב ענליכע אורזאַכען וועלען פּיליכט אויך אויפגעלייזט ווערען נאָך איניגע דיסטריקט קאָמיטעס.

ס'איז באַשטימט געוואָרען ניט צו אינסטאַלירען אין באָסטאָן דע נייעם „פּרייוואַט" ברענטש, ווייל איידער זיי זיינען נאָך געווען אינסטאַלירט, איידער מען האָט זיי נאָך אַרויסגעגעבען אַ טשאַרטער, האָט די גרופּע זיך שוין באַטייליגט אין פּראָטעסטען געגען דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צוריקצושיקען יעדען איינעם די איינטריטס־געלט און לאָזען זיי וויסען, אַז אויב זיי ווילען, קענען זיי זיך אָנשליסען אָן די עקזיסטירענדע ברענטשעס.

אַ גרופּע מיטגלידער פון דאַלאַס, טעקסאַס, פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליגען אַ נייעם ברענטש. דער אַלטער בר. 234 פון דאַלאַס איז אָבער געגען דעם, אַז דער צווייטער ברענטש זאָל געגרינדעט ווערען. אונטערזוכונדיג די גאַנצע אַנגעלעגענהייט, האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען, אַז אויב די גרופּע וועט קריגען 25 נייע מיטגלידער זאָל מען באַוויליגען צו גרינדען דאָרט אַ נייעם ברענטש.

די מעמבערס עט לאַרדזש אין פּעטערסאָן פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל זיי טרענספערירען אין בר. 30. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט וועגען דעם זיך דורכריידען מיט בר. 30 און זען אַז די מעמבערס עט לאַרדזש זאָלען זיך אָנשליסען אָן 2־3 פּעטערסאָנער ברענטשעס.

אין בר. 716, ספּרינגפילד, קומען פאַר רייסערייען. אַזוי ווי דאָס איז איינער פון די גרעסערע ברענטשעס אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, איז באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער, און זען אויב מעגליך אויסצוגלייכען די שטרייטיגקייטען.

פר. מאַקס פּיין און ר. גוסקין, וועלכע פאָרען אין סינסינעטי צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַן פעדערייזשאָן אוו לייבאָר, וועלען אויך אַדרעסירען ספּעציעלע מיטינגען פון די דאָרטיגע ברענטשעס. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט רופען אַזעלכע ספּעציעלע מיטינגען, אום אויסצונוצען די געלעגענהייט פון זייער אַנוועזענהייט אין סינסינעטי.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די איבעריגע קאָמיטעס. אַז ווען אַ ברענטש פון אויסער ניו־יאָרק דאַרף ווען באַזוכט ווערען פון איניגע קאָמיטעס, זאָלען זיך די קאָמיטעס צוזאַמענריידען און זען, אויב מעגליך, האָבען בלויז 1 פאַרטרעטער, אַנשטאָט יעדע קאָמיטע זאָל האָבען אַ באַזונדערען פאַרטרעטער.

---

די פראַגע וועגען פאַרענדיגען דעם קאַמפּיין פאָנד פאַר דעם האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

עס ווערט באַשלאָסען צו רופען דורך דער פרעסע אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער צו באַטייליגען זיך אין דעם „געציייג קאַמפּיין“ פאַר רוסלאַנד, אָנגעפירט פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, גענעראַל סעקרעטער, דערקלערט, אַז די נייע עקזעקוטיוו מיטגלידער דאַרפען זיך אַריינטראַכטען אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער פאַרוואַלטונג. ער דערקלערט, אַז די לעצטע עטליכע יאָר האָט מען געזוכט וועגען און מיטלען ווי אַזוי צו פאַרקלענערען די צאָלונגען פון אונזערע מיטגלידער. אָבער אַזאַ מיטעל איז אוממעגליך צו געפינען צוליב דער פאַרצווייגטער אַרבעט פון אונזער אָפיס, די גרעסערע אויסגאַבען אין פּאָסטעדזש, אַדווערטייזמענטס, שכירות און ד. ג. קענען די אַסעסמענטס פון די פאַרשידענע לויפענדע פאָנדס ניט פאַרקלענערט ווערען, און וואָס אַנבאַלאַנגט די צאָלונגען פאַר דעם מאַרטשוערי פאָנד און פאַר'ן קראַנקען בענעפיט פאָנד, קענען דאָך די דאָזיגע געווים ניט פאַרקלענערט ווערען.

ער דערמאָנט, אַז די לעצטע קאָנווענשאָן, צוזאַמען מיט דער שטויצע וואָס איז באַשטימט געוואָרען, וועט קאָסטען אַרום 56—67 טויזענט דאָלאַר. מיר וועלען אויף אַזאַ אופן האָבען אַ דעפּאָזיט אין דעם קאָנווענשאָן פאָנד פון אַרום 40 טויזענט דאָלאַר. אויב דער רעפערענדום וועט באַשטימען ניט צו האָבען נעקסטען יאָר קיין קאָנווענשאָן, וועט אין פאַרלויף פון קומענדען יאָר דער דעפּאָזיט געדעקט ווערען. ער ציט די אויפמערקזאַמקייט, אַז מען דאַרף זען עפּעס טאָן וועגען די ביכער, אַרויסגעגעבען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ווייל עס זיינען פאַראַן אַ מאַסע ביכער אין סטאַק און זיי ווערען ניט פאַרקויפט.

ער שטעלט זיך אָפּ אויף דער טעטיגקייט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע בנוגע אונזערע קינדער־שולען. ער זאָגט, אַז אויף וויפיל די שולען זיינען אַ קוואַל פון טעטיגקייט צווישען פיל ברענטשעס, זיינען זיי אָבער אין אַ גרויסער מאָס די אורזאַך פון דעפיציטען. ברענטשעס דאַרפען אָפּגעבען פיל אַרבעט צו געפינען מיטלען ווי די דעפיציטען צו דעקען.

ער גיט איבער פאָלגענדע ציפערען וועגען דעם דורכשניטליכען צושטאַנד פון די פאַרשידענע פאָנדס, אויסגערעכנט אומגעפער ביז דעם 1־טען יולי 1922:

דער רעזערוו פאָנד — סורפּלוס פון $1,290,402.58.
מאָרטשוערי פאָנד — סורפּלוס פון $357,289.63.
קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד — סורפּלוס $62,503.95.
קראַנקען בענעפיט פאָנד — סורפּלוס $180,308.23.
„פריינד“ פאָנד — דעפיציט פון אומגעפער $1400.
אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד — סורפּלוס $797.00.
עדיוקיישאָנאַל פאָנד — דעפיציט $4,272.00.
שול־פאָנד — סורפּלוס $2,888.55.
סאַניטאַריום בילדינג פאָנד — סורפּלוס $64,970.11.
סאַניטאַריום אויפהאַלטונגס פאָנד — סורפּלוס $3,477.66.

ביכער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אויסגאַבע געפינען זיך אין סטאַק אויף אומגעפער $13,000.

דאָס „קינדערלאַנד“ האָט ביז דעם 1־טען יוני געהאַט אַ דעפיציט פון $1,935.41.

פאַר די פאַרשידענע רעליף פאָנדס איז איצט דאָ אין אָפיס אַרום 19 טויזענט דאָלאַר.

ער גלויבט, אַז עס וואָלט געווען ראַטזאַם צו פאַרקויפען די וויקטאָרי באָנדס, וועלכע וועלען אונז געבען אַ גרויסען פאַרדינסט, און אויף דער סומע וועלען מיר קענען קויפען אַנדערע זיכערע באָנדס, וואָס וועלען אונז אויך אַריינברענגען אַ גוטען אינטערעסט.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען, ווערט דעם סעקרעטערס רעפּאָרט גוטגעהייסען.

---

פר. מאיר לאָנדאָן, אונזער ליגעל אַדווייזער, דערקלערט, אַז ער האָט ניט געקענט זיין ביי דער קאָנווענשאָן. אַדרעסירענדיג די עקזעקוטיוו, דייטעט ער אָן, אַז מען דאַרף זען, דאָס אונזער עדיוקיישאָנאַל אַרבעט זאָל זיין געריכטעט אויף פּאָליטישע און ציווילע פראַגען, כדי אונזערע מיטגלידער זאָלען וויסען ווי צו פאַרטיידיגען זייערע רעכטען אַלס בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער אָפיס קאָמיטע זיך דורכצורעדען מיט מאיר לאָנדאָן וועגען די טעכנישע און געזעצליכע זייטען פון קאָנווענשאָנס מיט פאַרטרעטערשאַפט לויט שטאַטען, אין פאַל עס וועט דורכגיין דער רעפערענדום, אַז עס זאָל נעקסטען יאָר קיין קאָנווענשאָן ניט זיין.

---

די צווייטע זיצונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט ערעפענט 2.15 בייטאָג מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## קאָמיטעס

פון בר. 600, — זיי דערקלערען, אַז נאָכדעם ווי די קאָנפערענץ פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט צוריקגעוויזען דעם פאַרלאַנג פון אייניגע „קאָמפּאָלסערי“ מיטגלידערשאַפט, האָט דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט באַשלאָסען, אַז ברענטשעס, וועלכע באַלאַנגען צום דעפּאַרטמענט, מוזען האָבען ניט ווייניגער ווי 60 פּראָצענט פון זייער מיטגלידערשאַפט אָנגעשלאָסען אָן מעדיקאַל דעפּאַרטמענט. די קאָמיטע בעט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל נעמען אַ שטעלונג, ווייל די האַנדלונג פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז געגען דעם באַשלוס פון זייער לעצטער קאָנפערענץ.

עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע מיט דעם סענטימענט, אַז זיי זאָלען ניט צווינגען די ברענטשעס צו באַלאַנגען מיט אַ באַשטימטער מיטגלידערשאַפט.

פון בר. 277, — זיי אַפּעלירען אַריינצונעמען אין סאַניטאַריום אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען פריינדין א. גרינפעלד, וועלכע איז נאָך ניט קיין יאָר אַ מיטגליד אין אַ. ר. דער טשערמאַן, פר. גוסקין, דערקלערט דער קאָמיטע, אַז מיטגלידער פון אַ. ר. ווערען אין אונזער סאַניטאַריום אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען ניט אַריינגענומען.

פון „קאָמיטעט צו שאַפען ביכער פאַר רוסלאַנד“, — פר. זישע לאַנדוי בעט, אַז די עקזעקוטיוו זאָל דורכפירען אין לעבען דעם באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן צו געבען אַ געוויסע צאָל ביכער פון אונזער פאַרלאַג. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

## וועגען דער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן“

עס ווערט פאַרהאַנדלעט די פראַגע וועגען דעם, וואָס פאַר אַ שטעלונג די עקזעקוטיוו זאָל נעמען בנוגע דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“. עס ווערט אָנגעדייט, אַז אין דעם טומעל אַרום דער באַוועגונג וועגען דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“ איז איבעראַל געוואָרפען געוואָרען שמוץ און רכילות אויף דער נאַצ. פאַרוואַלטונג, אַז עס האַנדעלט זיך איצט וועגען דעם וויטערדיגען גאַנג און אַנטוויקלונג פון אַ. ר., וועגען דער גאַנצקייט פון אונזער אָרגאַניזאַציע; אַז עס איז די פליכט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו צו נעמען אַ פעסטע שטעלונג אָפּצושטעלען די אַטאַקעס פון די „לינקע“ עלעמענטען און מאַכען קלאָר פאַר אונזער ברייטער מיטגלידערשאַפט די איצטיגע סיטואַציע. די פראַגע ווערט ברייט דעבאַטירט. עס באַטייליגען זיך אין דער דעבאַטע כמעט אַלע מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו און עס ווערט דאַן באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע אָנצושרייבען וועגען דער פראַגע אַן ערקלערונג וועלכע זאָל גלייך פאַרעפענטליכט ווערען אין דער פּרעסע. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. ל. ראָטהמאַן, י. וויינבערג, ב. וואָלף און פר. ראָבערטס אַלס עס „עקס־אָפישיאָ“.

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דאָנערשטאָג דעם 15־טען יוני און די קאָמיטע זאָל דאַמאָלס איבערלייענען די ערקלערונג איידער זי וועט פאַרעפענטליכט ווערען אין „פאָרווערטס“.

עס ווערט באַשטימט, אַז די זעלבע קאָמיטע זאָל אויך פאַרלאַנגען פון „פאָרווערטס“ צו דרוקען די רעזאָלוציעס וואָס קומען אַריין פון די ברענטשעס בנוגע דער פראַגע.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די אַרבעט אויפצוקלערען די ברענטשעס וועגען דער סיטואַציע זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, עקזעק. סעקר.

---

אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטען דאָנערשטאָג דעם 15־טען יוני, 8 אַ זייגער אין אָוועגט.

פר. גוסקין, פיין און בערמאַן זיינען אָפּוועזענד מיט אַנטשולדיגונג.

אויך זיינען אָפּוועזענד פר. וואולף, בורגין, וואָלפערט און פרוימאַן.

פר. כאַנין ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן פאַר דעם מיטינג.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר. בלאַק באַריכטעט, אַז די גריוועַנס קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דעם 1־טען יוני. ער (בלאַק) איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און פר. גילמאַן אַלס וויִס־טשערמאַן.

פר. בלאַק רעפּאָרטעט, אַז זיי האָבען געהאַנדעלט וועגען פאָלגענדע אַפּילס:

אַ מעמבער עט לאָרדזש פון לאָס אַנדזשעלעס איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין גיין אַרבעטען אין אַ סקעב שאָפּ אין דער צייט ווען אַ סטרייק פון די קלאָוקמייקער אין לאָס־אַנדזשעלעס איז אָנגעגאַנגען. די לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע, וועמען עס איז איבערגעגעבען געוואָרען די פראַגע צו אונטערזוכען, האָבען צוגעשטעלט אַ גענויען רעפּאָרט און דערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער האָט ניט אָפּגעלייקענט די פאַקטען, ער האָט בלויז גע'טענה'ט, אַז די עקאָנאָמישע אומשטענדען האָבען אים געצוואונגען דאָס צו טאָן. אויף דער פראַגע וואָרום ער האָט זיך אַנטזאַגט צו צאָלען דעם אַסעסמענט, וואָס די יוניאָן האָט אַרויפגעלייגט אויף די, וועלכע אַרבעטען, כדי צו שטיצען די סטרייקער, האָט דער באַטרעפענדער געענטפערט, אַז, ערשטענס, האָט ער ניט געקענט צאָלען און, צווייטענס, איז ער געווען געגען דעם

טרייק. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שטרייכען דעם מיטגליד פון אַ. ר.

די דיסטריקט קאָמיטע פון ריטשמאָנד, וואַ., האָט באַריכטעט, אַז זיי האָבען געשיקט אַ קאָמיטע פון ? קיין נאָרפאָלק צו אונטערזוכען די פראַגע וועגען די באַלאָטס פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענציאָן. זיי האָבען אָנגעפרעגט צי מיטגלידער, וועלכע קענען ניט שטימען פערזענליך, קענען דורך אַנדערע מיטגלידער צושיקען שריפטליך זייער אָפּשטימונג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז אין אַן אָפּשטימונג קען זיך אַ מיטגליד באַטייליגען בלויז פערזענליך, אָבער ניט שריפטליך. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען זיי אָנדזיטען, אַז אין דער צוקונפט זאָלען זיי ניט שיקען קיין קאָמיטע פון 3 צו אונטערזוכען פראַגען אין אַן אַנדער שטאָט, ווייל אויב די נאַצ. עקזעקוטיוו באַאויפטראַגט די דיסטריקט קאָמיטע צו אונטערזוכען, טוט זי דאָס אום צו שפּאָרען הוצאות. ווען אָבער דריי פּערזאָנען ווערען אין אַ צווייטער שטאָט געשיקט צו אונטערזוכען עטוואָס, ווערט קיין הוצאות ניט געשפּאָרט.

אַ מיטגליד פון בר. 206 האָט אַפּעלירט געגען בר. 724 וועגען פאָלגענדעס:

ביי אַ מיטינג פון די קאָאָפּעראַטיווע שערהאָלדערס האָט דער טשערמאַן אים אָנגערופען „פּראָוואָקאַטאָר". נאָכדעם ווי ער האָט דעם טשערמאַן אָנגעקלאָגט אין ברענטש, האָט די אונטערזוכונגס קאָמיטע רעקאָמענדירט צום ברענטש צו דיסמיסען די קלאַגע. דער ברענטש ווידער האָט דערקלערט, אַז דער טשערמאַן האָט ביים מיטינג פון די שערהאָלדערס געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ פּראָוואָקאַטאָר אין האָל. ער האָט ניט אָפּגעלייקענט, אַז ער האָט געמיינט דעם אַפּעלאַנט, וועלכער איז ניט קיין שערהאָלדער און וועלכער האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט די שערהאָלדערס וועגען די ביזנעס פון מיטינג. ביי דער אונטערזוכונגס קאָמיטע פון ברענטש וועגען דער פראַגע, ווען ביידע צדדים זיינען אַרויסגערופען געוואָרען, האָט ער זיך אויפגערעגט און האָט דעם טשערמאַן פון יענעם מיטינג געשלאָגען. די אונטערזוכונגס קאָמיטע האָט דאַן באַשלאָסען צו דיסמיסען די קיים אויף דעם גרונד וואָס דער קלעגער האָט גענומען דעם געזעץ אין זיינע אייגענע הענט און ניט געוואַרט אויף דער אַנטשיידונג פון ברענטש. די גריוועגנס קאָמיטע האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. 654 צו באַשטראָפען אים מיט $50. די אַנגעלעגענהייט איז באַשטאַנען אין פאָלגענדעס:

אַ צווייטער מיטגליד פון ברענטש האָט געוואָלט קויפען פאַר זיך אַ קליינע הויז און האָט זיך געווענדט צו אים, וועלכער איז אין ריעל־עסטייט ביזנעס, צו העלפען אים קויפען דאָס הויז. ער האָט אים געהייסען ברענגען $1000 אַלס איינצאָלונג פון הויז. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער אים געלאָזט וויסען, אַז ער מוז האָבען אָם וויינגיכטענס נאָך $1500, אום צו קריגען דאָס הויז, אויב ניט וועלען אויך יענע $1000 פאַרפאַלען ווערען. יענער מיטגליד האָט אויפגעהויבען אַ טומעל וועגען דעם. ער האָט דאַן געזאָגט, אַז ער קען קריגען צוריק די $1000 אויב יענער וועט זיך אונטערשרייבען, אַז ער וויל מער ניט האָבען דאָס הויז. ניט וויסענדיג קיין זאַך וועגען ריעל־עסטייט, איז יענער געווען צופרידען צו קריגען צוריק די $1000. נאָכדעם ווי יענער האָט געקראָגען די $1000 צוריק, האָט ער ערפאָרען, אַז דער באַטרעפענדער האָט געקויפט דאָס הויז פאַר זיך אַליין און ער האָט יענעם געזאָגט, אַז אויב ער וועט אים געבען $1000 אַפּטרעט־געלט, וועט ער אים דאָס הויז פאַרקויפען. דער ברענטש, וויסענדיג, אַז דאָס איז ניט דער ערשטער פאַל מיט אים, האָט באַשלאָסען צו באַשטראָפען אים מיט $50 פאַר דער דאָזיגער באַציאונג צו אַ צווייטען מיטגליד. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען די האַנדלונג פון ברענטש גוטצוהייסען.

אַ מיטגליד פון בר. 238 האָט אַפּעלירט געגען ברענטש פאַר ניט אויפמאַכען די שטראָף, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף צוויי מיטגלידער, וועמען ער האָט אָנגעקלאָגט אין סקעבען. דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז זיי האָבען באַשטראָפט איינעם מיט $20 און אַ צווייטען מיט $5, אָבער די לעצטע געפינען זיך אין זייער שלעכטע אומשטענדען, און אַזוי ווי עס איז קענטיג געווען, אַז דער סטרייק איז געווען אַ פאַרלאָרענער, נאָכדעם ווי די אַרבעטער זיינען געווען עטליכע וואָכען אין סטרייק, האָט דער ברענטש איינגעזען, אַז עס וועט זיין אַן עולה צו נעמען געגען די צוויי אַ שטרענגע שטעלונג. די שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע האָט וועגען דער אַנגעלעגענהייט געשריבען, אַז די באַטרעפענדע אַרבעטען נאָך יעצט אויף דעם פּלאַץ וואו דער סטרייק גייט נאָך אָן און דער ברענטש נעמט גיט קיין שטעלונג. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען שרייבען אַ שטרענגען בריף צום ברענטש, אַז זיי זאָלען אויפמאַכען פון די באַטרעפענדע די באַשטימטע שטראָף און שרייבען צום אַפּעלאַנט, אַז ער זאָל אויף דאָס ניי אָנקלאָגען די צוויי באַטרעפענדע פאַר אַרבעטען אין אַ סקעב שאָפּ.

פון בר. 716, ספּרינגפיעלד, זיינען אַריינגעקומען צוויי אַפּילס, וועלכע זיינען קאָמפּליצירט. די גריוועגנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען שיקען אַ פאָרטרעטער צו זייער מיטינג.

פר. בלאַק דערקלערט, אַז די גריוועגנס קאָמיטע האָט אַן אַפּיל פון אַ ברענטש געגען מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, און זיי האָבען באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו אויפצונעמען אַפּילס געגען מעדיקאַל דעפּאַרטמענט. עס ווערט באַשלאָסען, אַז די נאַצ. גריוועגנס קאָמיטע זאָל אויפנעמען אַן אַפּיל געגען מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, ווען זי וועט אַזעלכע האָבען. פר. דייווידאָף שטימט געגען דעם.

רעפּאָרט פון דער גריוועגנס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. י. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז די אָפיס קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דעם 31־טען מאַי. ער (ראָטהמאַן) איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און פר. דייווידאָף אַלס וויים־טשערמאַן.

ער רעפּאָרטעט פאָלגענדעס:

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו פאַרגרעסערען דעם אָפיס, וואָס איז אייגענטליך שוין באַשטימט געוואָרען פון דער פריערדיגער עקזעקוטיוו און אָפיס קאָמיטע.

דאָס הויז אויף 211 הענרי סטריט וועט דערווייל פון אונז געהאַלטען ווערען ביז מיר וועלען קענען דאָס פאַרקויפען פאַר אַ גינסטיגען פּרייז.

די אָפיס קאָמיטע האָט אויסגעאַרבעט אַ ליסט פון די ברענטשעס, וועלכע זיינען שולדיג גרויסע חובות צום אָפיס און זען פאַל פון זיי צו באַזוכען אָדער איבערגעבען אַ נאָענטער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע זיי צו באַזוכען וועגען דער אַנגעלעגענהייט. צו אַלע פון די דאָזיגע ברענטשעס וועלען פריער געשריבען ווערען שטרענגע רעדזשיסטרירטע בריף.

אַ מיטגליד, וועלכער איז מיט אַ קורצער צייט צוריק אַריינגעקומען אין בר. 60, איז צוריקגעוויזען געוואָרען, ווייל עס איז אַריינגעקומען אַ קלאַגע, אַז ער האָט אין אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס מיסברויכט געלדער.

אין בר. 549 איז אַ מיטגליד געשראָכען געוואָרען. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער ברענטש האָט אָנגענומען פון אים אַ טייל דיוס, אַרויסגעגעבען אַ רעסיט און דאָך אים ניט ריאינסטייטעט. דערווייל איז ער געשטאָרבען. די שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע, וועלכע האָט די זאַך אונטערזוכט, איז מיט דער מיינונג, אַז דער ברענטש האָט ניט געהאַנדעלט געזעצליך. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען איבערגעבען די פראַגע צו אונזער ליגעל אַדווייזער מיט דעם סענטימענט, אַז די טויטען־בענעפיט ($100.00) זאָל אויסגעצאָלט ווערען.

די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע עקזעקוטיוו מיטגלידער, אַז אין די וואָוטשערס זאָלען אָנגעגעבען ווערען גענוי די אויסגאַבען, אויב קאָמיטעס מאַכען אַזעלכע אויסער די מיטינגען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו קויפען אַ נייע מאַשין אויף אויסצופילען די טשעקס.

די אָפיס קאָמיטע רעקאָמענדירט אָפּצושאַפען די „לופ־ליעף" מינוטס, וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרען פאַר אַלע קאָמיטעס. עס ווערט דאַן באַשלאָסען די דאָזיגע רעקאָמענדאַציע אָנצונעמען.

אין פאַרלויף פון די זומער מאָנאַטען (יוני, יולי און אויגוסט) וועט דער אָפיס שבת זיין אָפען בלויז ביז צוויי אַ זייגער בייטאָג.

די אָפיס קאָמיטע דענקט צו פאַרקויפען די וויקטאָרי באָנדס, ווייל מיר קענען קריגען פאַר זיי יעצט אַ הויבען פּרייז, און אויף דער סומע קויפען אַנדערע זיכערע באָנדס. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער אָפיס קאָמיטע.

דער רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. באָטוויניק, וויים־טשערמאַן, באַריכטעט, אַז די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען דעם 31־טען מאַי. פר. מאָקס פיין איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און ער (באָטוויניק) אַלס וויים־טשערמאַן.

ער רעפּאָרטעט פאָלגענדעס:

פר. בוילין איז ווידער ערוויילט געוואָרען פאַר דעם קומענדען יאָר אַלס רעדאַקטאָר פון „פריינד" און עדיוקיישאָנאַל דירעקטאָר.

עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז די קינדער פון די אַ. ר. שולען זאָלען זיך באַטייליגען אין די „טעג־דעים" פאַר דעם „געצייג־דרייוו" פאַר רוסלאַנד, וואָס ווערט אָנגעפירט פון דער פּיפּעלס רעליף.

אין מילוואָקי און קאַלגאַרי האָבען די קינדער פון די אַ. ר. שולען פאַרפלאַנצט אַ שטיקעל לאַנד, אונטער דער אויפזיכט פון די דאָרטיגע לערער. די לערערין פון דער מילוואָקי אַ. ר. שול האָט אויסגעקליבען אין דער שטאָטישער לייברערי אַ געוויסע צאָל ביכער, וועלכע וועלען געהאַלטען ווערען באַזונדער פאַר די קינדער פון די אַ. ר. שולען.

אין פעטערסאָן וועט דעם 18־טען ד. מ. אָפּגעהאַלטען ווערען אַ קאָנפערענץ וועגען דער אַ. ר. שול.

די גראַדואַירונג פון די סטודענטען אויף די לערער־קורסען וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 18־טען יולי אין „פאָרווערטס" האָל. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען איינצולאַדען אַלע מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, פר. באָסקין און געליבטער, פאָרטרעטער פון אַלע ניו־יאָרקער ברענטשעס, ווי אויך אַ געוויסע צאָל געסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין דער נייער נאַצ. שול קאָמיטע זיינען באַשטימט געוואָרען פאָלגענדע: יעקב לעווין, י. שטיינבוים, דראָגונסקי, פיינערמאַן, סקלאַר,

מאַרמאָר, איווענסקי, ח. ראַגאָף, וו. מעדעם און אפראַיקין. אויך פר. כאַנין, פאַרטרעטער פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע.

עס איז באַשטימט געוואָרען אָנצופרעגען ביי די דיסטריקט קאָמיטעס פון די גרעסערע שטעט, צי זיי ווילען אַראַנזשירען לעקציעס אין זייערע אָרטיגע מוזעאומס איבער קונסט. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז גרייט אָזעלכע לעקציעס צו אַראַנזשירען מיט סאַול ראַסקין.

וועגען „פריינד" און „קינדערלאַנד" וועט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע שפּעטער האַנדלען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז אַ סאַב־קאָמיטע זאָל דורכקוקען די עדיטאָריעלס פון „פריינד".

פר. ביילין איז באַפרייט געוואָרען פון אָנשרייבען אין „פריינד" פון יוני־יולי די עדיטאָריעלס וועגען קאָנווענשאָן, ווייסענדיג, אַז זיין שטעלונג איז ניט אין איינקלאַנג מיט די האַנדלונגען פון קאָנווענשאָן. פר. ביילין האָט געבעטען צו ערלויבען אים אונטערשרייבען זיינע „אינישעלס" אונטער די אַנדערע עדיטאָריעלס, וועלכע ער אַליין וועט שרייבען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט זיין פאַרלאַנג ניט באַוויליגט, ווייל די עדיטאָריעלס אין „פריינד" זיינען שטענדיג ערשינען אָן „אינישעלס".

די אַ. ר. מוזיק־שול, דאַון־טאַון, האָט אַ דעפּיזיט. עס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זיי $375, זיי זאָלען די שול קענען האַלטען אָפען אין פאַרלויף פון די זומער־מאָנאַטען.

דער „פריינד" וועט איצט געדרוקט ווערען אין דער „פאָלקס־ציימונג", וועלכע האָט געגעבען אַן עסטימייט אויף $640 פאַר דרוק און פּאַפּיר פון 42 זייטען. דער דאָזיגער עסטימייט איז קלענער אויף אומגעפער אַ דריטעל פון דעם וואָס מיר צאָלען איצט. עס ווערט באַשלאָסען, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל נעמען עסטימייטס פאַר דער אַרבעט פון נאָך איניגע דרוקערייען.

אונזער מענדאָלין אָרקעסטער וועט אין קורצען שפּילען איניגע נומערען פאַר די וויקטאָר רעקאָרדס.

די אָרגאַניזאַציע „אונזערע קינדער" פון וואַרשא, וועלכע שטייט אונטער דער אויפזיכט פון „בונד", האָט באַדאַנקט פאַר דער שטיצע וואָס מיר האָבען זיי געשיקט, און זיי בעטען, אַז מיר זאָלען זיי אויך אין דער צוקונפט געדענקען. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע רעקאָמענדירט צו שטיצען זיי פון אונזערע רעליף־געלדער. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען דעם צושריפט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

---

פר. דאַראַשקין שטימט געגען דעם, וואָס עס איז ניט באַוויליגט געוואָרען פר. ביילינס פאַרלאַנג צו האָבען זיינע „אינישעלס" אונטער זיינע עדיטאָריעלס אין „פריינד".

דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. ל. ראָטהמאַן באַריכטעט, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע איז אינסטאַלירט געוואָרען אין סאַניטאַריום זונטאָג דעם 28־טען מאַי.

פר. אַשפּיז איז ערווילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און פר. דר. זעלדין אַלס וויס־טשערמאַן.

ער רעפּאָרטעט פאָלגענדעס:

די פראַגע וועגען האָבען גענוג וואַסער אין סאַניטאַריום איז אַ פּראָבלעם, וועלכע די סאַניטאַריום קאָמיטע דאַרף לייזען. די קאָמיטע האָט זיך וועגען דעם באַראַטען מיט פר. דרויזשפּיל. נאָך פיל באַאָבאַכטונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דורך די שפּאַלטען אין רעזערוואָאַר רינט אַרויס 10 טויזענט גאַלאָן וואַסער אַ טאָג. פר. דרויזשפּיל האָט פאָרגעשלאָגען צו מאַכען אַ וואַסער פאַרבינדונג פון דעם „לייק" צו דער לאָנדרי, טשיקען פאַרם און סטייבעלס. אום אָבער צו האָבען שטענדיג וואַסער פאַר אומגעפער אַ וואָך צייט, איז נייטיג אויפצובויען אַ נייעם רעזערוואָאַר און אויך פאַרריכטען דעם אַלטען. די דאָזיגע אַרבעט וועט דאַרפען קאָסטען אַרום 4 טויזענט דאָלאַר. פר. דרוישפּיל האָט אויסגעאַרבעט פּלענער פאַר אָט די רעזערוואָארס און זיי ווערען אַרויסגעשיקט פאַר עסטימייטס.

וועגען דענטאַל דעפּאַרטמענט האָט נאָך די פריערדיגע קאָמיטע באַשלאָסען אָזעלכען איינצופירען. די נייע קאָמיטע האָט די פראַגע איבערגעגעבען צו דר. זעלדין, וועלכער איז אַ דענטיסט, און אין פאַרלויף פון קומענדען מאָנאַט וועט דער דעפּאַרטמענט איינגעשטעלט ווערען.

דר. יועל, דער אַסיסטענט דאָקטאָר, איז אַוועק און אויף זיין פּלאַץ איז אָנגעשטעלט געוואָרען דר. פרידבערג.

אויף דעם ראָט פון עקספּערטען פון טשיקען פאַרמס, איז באַשלאָסען געוואָרען אויפצובויען קאָלאָניע הייזער פאַר די טשיקענס. דאָס וועט דאַרפען קאָסטען אַרום $1000.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו בויען אַ טויער ביים אַריינפאָר פון סאַניטאַריום און דער טויער זאָל זיין געשלאָסען אַ גאַנצען טאָג, אויסער אין די וויזיטינג שטונדען.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען איבערצוטראָגען דאָס אייז־הויז נעענטער צום לייק, כדי מען זאָל ניט דאַרפען איבערפירען דאָס אייז פון לייק צו דעם הויז וואָס עס געפינט זיך יעצט אַזוי ווייט.

די קעכין האָט פאַרלאַנגט אַ רייז פון $50 אַ מאָנאַט. אַזוי ווי עס איז שווער געווען צו קריגען אַ צווייטע קעכין, האָט מען איר פאַרלאַנג באַוויליגט.

דר. האַלפּערן איז געפאָרען קיין איראָפּע צו שטודירען די נייע סיסטעמען פון קורירען טובערקולאָזיס. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט אַראַנזשירט אַ באַנקעט אַלס אַ זיי־געזונד פאַר זיין אָפּפאָרען, וואו עס זיינען איינגעלאַדען געוואָרען אַלע דאָקטוירים פון דער סאַניטאַריום מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד, ווי אויך אונזערע באַאַמטע.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו אַראַנזשירען אויף די גראָונדס פון סאַניטאַריום אַ קאָנצערט אויף דעם 30־טען יולי און דער גאַנצער איינקונפט זאָל גיין פאַר דעם לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום. יאָסעלע ראָזענבלאַט האָט פאַרשפּראָכען צו באַטייליגען זיך אין דעם קאָנצערט.

ביי דער אינסטאַלליישאָן פון דער נייער קאָמיטע אין סאַניטאַריום איז געגעבען געוואָרען אַ קאָנצערט פאַר די פּאַציענטען, אין וועלכען עס האָבען זיך באַטייליגט די אידישע אַקטיאָרען מר. און מרס. האַרט; גאָלדבערג, וויאָליניסט; גאַנדין, פּיאַניסט; ה. פעלד, באַריטאָן; י. אַדלער (ב. קאָוונער). עס איז אויך דאַמאָלס געווען אַ באַנקעט פאַר אַלע געסט צוזאַמען מיט די פּאַציענטען.

רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט פאָרגעלעזען די ערקלערונג וועגען דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן". עס ווערט אָנגעוויזען אויף איניגע ענדערונגען, וועלכע דאַרפען געמאַכט ווערען און די ערקלערונג ווערט גוטגעהייסען.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די דאָזיגע ערקלערונג זאָל אויך איבערגעדרוקט ווערען אין „פריינד". — פר. דאַראַשקין שטימט געגען דער ערקלערונג.

---

עס ווערט באַשלאָסען אַרויסצושיקען צו די בראַנטשעס אַן אַפּיל וועגען שטיצען די „האיאס".

---

עס ווערט באַשטימט, אַז די מיטינגען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָלען אין יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער אָפּגעהאַלטען ווערען דעם ערשטען דינסטאָג אין מאָנאַט.

דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רע. סעק.

---

**דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָוונט, דעם 11־טען יולי, 1922, מיט פר. ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.**

## צושריפטען

פון בר. 412 — מעלדען, אַז זייער בראַנטש האָט באַשלאָסען ניט צו באַטייליגען זיך אין דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן", און זיי דריקען אויס זייער פולען צוטרויען צו די באַשלוסען פון דער לעצטער אַ. ר. קאָנווענשאָן. באַשלאָסען צו פיילען.

פון בר. 60, סט. לואיס, — זיי שרייבען, אַז ביי אַ ספּעציעלען מיטינג איז באַשלאָסען געוואָרען צו דערקלערען, אַז זיי זיינען איינשטימיג מיט די באַשלוסען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן. זיי דריקען אויך אויס אַ פּראָטעסט געגען דעם וואָס דער בראַנטש האָט ביי אַ פריערדיגען רעגעלען מיטינג אָנגענומען אַ באַשלוס צו גונסטען פון דער זאָגענאַנטער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן". באַשלאָסען צו פיילען.

פון בר. 745, — זיי דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען דעם, וואָס פר. ב. קרינסקי האָט זיך גענומען דאָס רעכט איבערצוגעבען אַ קרעדענשעל צו אַ צווייטען אין דער צייט ווען זייער בראַנטש האָט דעם קרעדענשעל געגעבען בלויז צו אים. זיי פּראָטעסטירען אויך געגען דעם וואָס מען דערלויבט אים צו זיין אַ מיטגליד פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז פר. קרינסקי איז דעם יאָר ניט קיין מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג.

פון די אַמאַלגאַמייטעד טעקסטיל וואָירקערס, — זיי דאַנקען פאַר די ברויט, וואָס איז געשיקט געוואָרען פאַר די סטרייקענדע אַרבעטער פון זייער יוניאָן.

פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, — זיי שרייבען, אַז נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט דעם סענטימענט פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, אַז די עקזעקוטיוו זאָל זיין פאַרטראָטען ביי זייער קאָמיטע, לאַדען זיי איין צו ערווילען אַזאַ פאַרטרעטער. באַשלאָסען ערווילען אָזעלכען ביי אַ צווייטען מיטינג.

פון בית אברהם היום, — זיי בעטען, אַז ווען מיר ווילען מאַכען בודזשעטען פאַר די פאַרשידענע האָספּיטאַלס, זאָלען מיר זייער אַנשטאַלט נעמען אין אַנבאַטראַכט. עס ווערט באַשלאָסען דאָס איבערצוגעבען צו דער בענעפיט קאָמיטע, וועלכע באַשטימט ביישטייערונגען צו די פאַרשידענע האָספּיטאַלס.

## קאָמיטעס

פון בר. 84, פּלײנפילד, — פר. פרוינק דערקלערט, אַז עס קומען פאַר רייסעריייען ביי זיי אין בראַנטש און צוליב דעם ווילען מאַנכע מיטגלידער אין גאַנצען פאַרלאָזען די אָרגאַניזאַציע. דער טשערמאַן דערקלערט אים, אַז די זאַך וועט איבערגעגעבען ווערען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען, — פר. איבראַמסאָן און גאָלדאָווסקי' דויטען אָן, אַז די געווערקשאַפטען האָט באַשלאָסען אָנצופירען אַ טיכטיגען קאַמפּיין צו שאַפען אַ פאָסענדען פאָנד פאַר די סטרייקענדע קוילען מיינערס. זיי אַפּעלירען, אַז דער אַ. ר. זאָל זען עפּעס טאָן צו העלפען די סטרייקערס פינאַנציעל אין דעם איצטיגען מאָמענט. זיי בעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיווע זאָל זיך ווענדען מיט אַן אַפּיל צו די ברענטשעס. עס ווערט באַשלאָסען צו באַוויליגען זייער פאַרלאַנג.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ באַגריסונג צו די קעפּ מייקערס, וועלכע זיינען אַרויס אין סטרייק.

## סערעקטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, באַריכטעט פאָלגענדעס:

שליסענדיג די ביכער פון מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט פון לעצטען קוואַרטאַל, צייגט דער סך־הכל, אַז מיר האָבען אין 87־טען קוואַרטאַל געהאַט אַ פאַרלוסט פון 616 מיטגלידער.

אין פאַרשידענע רעליף־פאָנדס האָבען מיר איצט $26,005.13.

די אויסגאַבען פון דער טאָראָנטאָ קאָנווענשאָן אַראַנזשמענט קאָמיטע וועלען באַטרעפען אַרום $5,000.00. אַזוי ווי זיי האָבען נאָך ניט צוגעשיקט אַלע בילס, וועט ערשט שפּעטער מעגליך זיין צו געבען די גענויע ציפערן פון די אויסגאַבען.

ער גיט איבער די אויסגאַבען פון די פאַרשידענע פאָנדס אין פאַרלויף פון מאָנאַט יוני און דעם סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. וויינבערג רעקאָמענדירט, אַז צו די געשטראָכענע מיטגלידער זאָל דער אָפיס צוזאַמען מיט דעם נאָטיס וועגען שטרייכען שיקען אַן אַדרעסירטען ענוועלאָפּ, אַז פאַר די געשטראָכענע מיטגלידער זאָל לייכטער זיין זיך דורכצושרייבען מיט'ן אָפיס וועגען דער פראַגע. עס ווערט באַשטימט די רעקאָמענדאַציע איבערצוגעבען צו דער אָפיס קאָם.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע

פר. לאַנגער, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

מעמבערס עט לאַרדזש, ווי אויך מיטגלידער פון ברענטשעס פון אַנדערע שטעט, וועלכע זיינען קראַנק אין ניו־יאָרק און מעלדען זיך קראַנק צום אָפיס, ווערען באַזוכט פון מיטגלידער פון דער בענעפיט קאָמיטע.

אַ מיטגליד פון בר. 149 איז קראַנק געווען אין פּראָווידענס און ער האָט זיך געמאָלדען צום ברענטש נאָך דער קראַנקהייט. ער האָט פאַרלאַנגט פאַר 8 וואָכען בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען אויסצוצאָלען אים פאַר 3 וואָכען בענעפיט פאַר דער וואָס ער איז געווען אין האָספּיטאַל.

אין בר. 500 האָט אַ מיטגליד געקליימט, אַז ער האָט זיך געמאָלדען קראַנק, אָבער דער האָספּיטאַלער האָט דערקלערט, אַז ער האָט קיינמאָל אַזאַ מעלדונג ניט דערהאַלטען. די בענעפיט קאָמיטע האָט געשיקט אַ פאַרטרעטער צום ברענטש די פראַגע צו אונטערזוכען און אונז לאָזען וויסען זייער מיינונג.

בר. 70 האָט צוגעשיקט 15 סערטיפיקייטס פאַר אַ מיטגליד און קיינע פון זיי זיינען ניט געווען אונטערשריבען פון קאָמיטעס. דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער האַלט אין איין הוסטען און דאַרום האָבען קאָמיטעס ניט געוואָלט אַטענדען צו דעם. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען אונטערצוזוכען די אַנגעלעגענהייט אין ברענטש גופא.

לויט דעם סענטימענט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט די בענעפיט קאָמיטע געשיקט פאַרטרעטער צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אין באַצוג זייער פאַרלאַנג, אַז ברענטשעס, וועלכע באַלאַנגען צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, זאָלען מוזען האָבען ניט ווייניגער ווי 60 פּראָצענט פון דער מיטגלידערשאַפט אַנגעשלאָסען אָן דעם דעפּאַרטמענט. דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט געענטפערט, אַז ברענטשעס, וועלכע האָבען טענות, זאָלען זיך פריער ווענדען צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט און זיי וועלען דאָס זיכער שליכטען. ווען די פאַרטרעטער פון דער בענעפיט קאָמיטע האָבען געפרעגט צי דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פאָדערט נאָך אַלץ פון ברענטשעס צו האָבען 60 פּראָצענט קאָמפּאַלסערי, האָט דער טשערמאַן פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט אויף דעם ניט געענטפערט.

פר. גליבטער דערקלערט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט געבעטען ניט צו האַנדלען וועגען דער פראַגע ביז זייערע פאַרטרעטער וועגען געבען אַן ערקלערונג וועגען דער פראַגע. עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען וועגען דעם ביים קומענדען מיטינג.

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. י. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אויף די רעדזשיסטרירטע בריף, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די ברענטשעס אין באַצוג זייערע חובות צום אָפיס, האָבען פילע דערקלערט די אורזאַך וואַרום זיי האָבען אַזעלכע גרויסע באַלאַנסען. די מערהייט פון די ברענטשעס האָבען אַנגעדייטעט, אַז צוליב דעם עקאָנאָמישען קריזיס איבער'ן לאַנד, קענען מאַנכע מיטגלידער ניט באַצאָלען זייערע בילס און די ברענטשעס קומט אויס צו וואַרטען. אייניגע ברענטשעס האָבען אָבער אין גאַנצען ניט געענטפערט אויף די רעדזשיסטרירטע בריף. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען ספּעציעלע מיטינגען פון די דאָזיגע ברענטשעס און ציען דערצו די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט פון די באַטרעפענד ברענטשעס. וועגען די ברענטשעס, וועלכע געפינען זיך אויף ווייטערע ערטער און מען קען ניט רופען קיין ספּעציעלען מיטינג צו שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער, וועט מוזען גענומען ווערען אַ שטרענגע שטעלונג אין פאַל זיי וועלען זייערע חובות ניט איינצאָלען.

די פראַגע וועגען מאַכען זייערע אינוועסטמענטס פון אונזערע געלדער איז זייער אַן ערנסטע פּראָבלעם. די אָפיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו פאַרקויפען אונזערע וויקטאָרי באָנדס, פאַר וועלכע מיר קענען קריגען אַ הויכען פּרייז, און די סומע צוזאַמען מיט די איבעריגע געלט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען, אינוועסטען אין אַנדערע באָנדס אָדער מאָרגעדזשעס.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז פאַר אינוועסטמענטס אין סוירטיפייד מאָרגעדזשעס זאָלען מיר אין דער צוקונפט זיך אויך באַנוצען מיט דער לאָיער מאָרגעדזש קאָמפּאַניע, אָדער די טייטל גאַראַנטי קאָמפּאַניע. דער אָפיס וועט, פאַרשטייט זיך, אָנפרעגען ביי דעם אינשורענס קאָמישאָנער און הערען זיין מיינונג, צי די אינוועסטמענטס קענען דורך די דאָזיגע קאָמפּאַניעס געמאַכט ווערען. עס איז אויך באַשטימט געוואָרען, אַז אין דער צוקונפט זאָלען אינוועסטמענטס געמאַכט ווערען אין גאַנצע מאָרגעדזשעס און ניט נעמען אַ טייל פון מאָרגעדזש.

דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט קריגט די לעצטע צייט אַריין פיל ברענטש־ביכער צו אונטערזוכען. דאָס צייגט, אַז אונזערע ברענטשעס הייבען אַליין מער אָן איינצוזען די וויכטיגקייט פון אוידיטינג דעפּאַרטמענט, וועלכער אונטערזוכט די ביכער פון יעדען ברענטש פאַר צוויי קוואַרטאַלען פריי.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו ענדערען די בוקקיפּינג פון דעם קעשיר אין באַצוג צו די אַפּליקיישאָנס, וועלכע ווערען געהאַלטען ביז זיי ווערען דורכגעקוקט און גוטגעהייסען פון אָפיס. די איינצאָלונג פאַר איינטריטס־געלט פון נייע מיטגלידער דורך קעש וועט בלייבען ווי ביז איצט, נאָר עס וועט ניט געהאַלטען ווערען קיין באַזונדערער אַקאַונט פון די איינטריטס־געלדער, וואָס קומען אַריין אויף „אַפּליקיישאָנס אָן אַפּרואָוועל”.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט אייניגע פראַגען ווערט דער רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריווענס קאָמיטע

פר. ר. בלאָק, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

פר. גילמאַן, מיטגליד פון דער גריווענס קאָמיטע, איז געווען ביי בר. 716, מאַסאַטשוזעטס, וועגען צוויי אַפּילס פון זייערע מיטגלידער. איין מיטגליד האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט $50. דער באַטרעפענדער איז געווען אין דער אָרטיגער אַ. ר. שול קאָמיטע ווען דער לערער האָט פאַרכאַפּט די דירה און די מכשירים פון דער שול און געפענט אַן אַנדער שול אויפ'ן נאָמען פון אַ. ר. ער איז נאָכהער געווען אין אַ קאָמיטע, וועלכע האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּאַסקיל־אויפרוף צו דער אָרטיגער אידישער באַפעלקערונג געגען דער אַ. ר. שול. דער ברענטש האָט באַשטראָפט דעם באַטרעפענדען פאַר אָט דער באַציאונג צו דער אַ. ר. שול־באַוועגונג. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

דער אַפּיל פון צווייטען פריינד פון זעלבען ברענטש איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער ברענטש האָט פון אים געמאָנט $9.70 פאַר דיוס, וואָס צוויי מיטגלידער האָבען איינגעצאָלט ווען ער איז געווען סעקרעטער. ביים ברענטש מיטינג איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז די צוויי מיטגלידער האָבען איינגעצאָלט זייערע דיוס צו אַ צווייטען מיטגליד; אָבער ס'איז ניט באַוויזען געוואָרען, אַז יענער האָט די סומע איינגעצאָלט צום אַפּעלאַנט. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער ברענטש זאָל פון דעם אַפּעלאַנט ניט מאָנען די $9.70, ווייל אַ סעקרעטער פון אַ ברענטש איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר געלדער, וועלכע אַ צווייטער קאָלעקטירט.

צוויי מיטגלידער פון בר. 172 האָבען אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען יעדען איינעם פון זיי מיט $25. ווען דער אַפּיל איז אויפגענומען געוואָרען, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז די צוויי אַפּעלאַנטען זיינען קאָנטראַקטאָרס און פּאַרטנערס פון אַ שאַפּ. ווען די אַרבעטער פון דעם טרייד זיינען אַרויס אין סטרייק האָבען אַלע קאָנטראַקטאָרס פון בראַנזוויל זיך איבערגעקליבען צו זיי אין שאַפּ און אַרויסגעענדיגט די אַרבעט. די אַרבעטער פון די צוויי אַפּעלאַנטען האָבען דאַן גענומען פּיקעטען דעם שאַפּ און די קאָנטראַקטאָרס האָבען אַרויסגערופען פּאָליציי. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון בר. 224 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו מאַנען פון אים $5.50 פאַר אַ טעאַטער אונטערנעמונג. אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער ברענטש האָט געהאַט אַ טעקס פאַר $5 טיקעטס פאַר יעדען מיטגליד, און דער דאָזיגער טעקס איז אָנגענומען געוואָרען ביי אַ ספּעציעלען מיטינג, האָט די גריווענס קאָמיטע באַשלאָסען גוטהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון בר. 446 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר.

צו באַצאָלען $15.00 קאָמישאָן צו אַ צווייטען מיטגליד אין פאַרבינדונג מיט פאַרקויפען אַ הויז. ביי דער חירינג האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז יענער האָט ניט געהאַט קיין שייכות מיט דעם פאַרקויפען פון הויז און די גריוועגס קאָמיטע האָט דארום באַשלאָסען, אַז ער איז ניט באַרעכטיגט צו קיין קאָמישאָן, און אַז דער ברענטש דאַרף פון דעם אַפּעלאַנט די $15.00 ניט מאָנען.

אַ צווייטער מיטגליד פון בר. 446 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס צו מאָנען פון אים $99.99. די זאַך איז באַשטאַנען אין פאָלגענדעס: דער אַפּעלאַנט איז מיט אַ צייט צוריק אָנגעקלאָגט געוואָרען אין ברענטש פאַר אַריינברענגען אַ קלאַגע אין קאָורט געגען אַ צווייטען מיטגליד. דער אַפּעלאַנט האָט געגען דעם צווייטען מיטגליד געהאַט אַ דזשאָדזשמענט אויף $275. אויף דעם חוב האָט יענער ביסלעכווייז אויסגעצאָלט $75, דעם איבעריגען חוב האָט ער געסעטעלט פאַר $150. די $150 האָט ער דעם אַפּעלאַנט באַצאָלט, אָבער דעם דזשאָדזשמענט האָט ער פון דעם צווייטען מיטגליד ניט אַרונטערגענומען. דער אַפּעלאַנט האָט דאָס ניט אָפּגעלייקענט. ער האָט בלויז אָנגעדייטעט, אַז ער האָט זיין קלאַגע אין קאָורט געגען דעם צווייטען מיטגליד געבראַכט דאמאָלס ווען יענער איז געווען געשטראָכען פון אַ. ר. דער ברענטש ווידער האָט גע'טענה'ט, אַז ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס זיי האָבען אים עטליכע מאָל גערופען און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל די זאַך שליכטען, איז ער אָבער ניט געקומען. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו געבען דעם אַפּעלאַנט צוויי וואָכען צייט צוריקצוציען דעם דזשאָדזשמענט, און דאַן זאָל דער ברענטש פון אים צוריקציען די שטראָף. אין פאַל אָבער ער וועט דעם דזשאָדזשמענט ניט צוריקציען, זאָל די האַנדלונג פון ברענטש גוטגעהייסען ווערען.

אַ מיטגליד פון בר. 214 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. צו באַשטראָפען די לאָקאַלע עקזעקוטיווע מיט $10 פאַר אַריינברענגען אַ רעקאָמענדאַציע צו קויפען אַ שער אויף $10 פון דער „פּריוויהיים". דער ברענטש האָט דערקלערט, אַז ביי אַ ספּעציעלען מיטינג איז באַשטימט געוואָרען ניט צו קויפען קיין שערס פון דער „פּריוויהיים", און דער ברענטש זאָל זיך צוריקציען פון דער „פּריוויהיים קאָנפערענץ". ביים קומענדען רעגעלען מיטינג האָט די ברענטש עקזעקוטיווע אַריינגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע צו קויפען אַ שער פון $10. די רעקאָמענדאַציע איז אָנגענומען געוואָרען, אָבוואָל מען האָט דעם פריערדיגען באַשלוס ניט רעקאָנסידערט. מאַנכע מיטגלידער האָבען דערקלערט, אַז זיי וועלען געגען דעם באַשלוס אַפּעלירען צו דער גריוועגס קאָמיטע און געבעטען, אַז די $10 זאָל דערוויל ניט אויסגעצאָלט ווערען. די לאָקאַלע עקזעקוטיווע האָט אָבער דערצו ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט און אויסגעצאָלט די $10. דער ברענטש האָט דארום באַשלאָסען צו האַלטען די לאָקאַלע עקזעקוטיווע פאַראַנטוואָרטליך פאַר די $10 שטראָף, נאָר טאַדלען די עקזעקוטיווע פון ברענטש פאַר אַריינברענגען אַ רעקאָמענדאַציע צו אַ רעגעלען מיטינג, נאָכדעם ווי אַ פריערדיגער ספּעציעלער מיטינג האָט אַזאַ ענליכע רעקאָמענדאַציע צוריקגעוויזען; טאַדלען זיי דערפאַר וואָס אַנשטאָט די לאָקאַלע עקזעקוטיווע זאָל אַריינברענגען האַרמאָניע אין ברענטש, האָבען זיי געהאָלפען שאַפען רייסערייען.

בר. 53 האָט פאַרלאַנגט, אַז די גריוועגס קאָמיטע זאָל צוריקציען דעם סטייטמענט אין „פריינד" פון אַפּריל און מאַי 1922, אַז זיי האָבען געוואָלט מאַכען אַ „דיל" מיט פריינדין עלקין אויסצוצאָלען איר די בענעפיט, אויב זי וועט אַנטזאַגען פון לאָקאַלע בענעפיט. כ'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז די פריערדיגע גריוועגס קאָמיטע האָט געשטיצט איר סטייטמענט אויף דעם פאַקט וואָס דאָס איז דערקלערט געוואָרען ביי דער הירינג פון דער קייס און די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען דאָס ניט אָפּגעלייקענט.

אַ געשטראָכענער מיטגליד פון בר. 26, וועלכער איז געבליבען שולדיג אַרום $300, אויף וועלכע ער האָט געגעבען וועקסלען, האָט דערקלערט, אַז ער איז ניט שולדיג אַזוי פיל געלט און ער איז באַרעכטיגט צו קריגען צוריק די וועקסלען. די גריוועגס קאָמיטע האָט די זאַך אונטערזוכט. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט האָט אונטערזוכט די ביכער פאַר 18 קוואָרטאַלען און ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז ער איז אַזוי פיל שולדיג. אָבוואָל די גריוועגס קאָמיטע האָט געמעגט די זאַך ניט אויפנעמען, ווייל ער איז אַ געשטראָכענער מיטגליד, נאָר אַזוי ווי עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ גרעסערער סומע געלט, איז די אונטערזוכונג געמאַכט געוואָרען. די גריוועגס קאָמיטע האָט אים געענטפערט, אַז אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט צושטעלען קיין באַווייזען, אַז ער איז ניט שולדיג די סומע וואָס דער ברענטש מאָנט פון אים, מוז ער דארום דעם חוב באַצאָלען.

אַ געוועזענער טרעזשורער פון אַ ניו־יאָרקער ברענטש האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש וועגען פאָלגענדעס:

ווען ער איז געווען טרעזשורער פון בר. האָט ער אויסגעליען דעם ברענטש $200. אין אַ צייט אַרום האָט ער אַרויסגעצויגען פון באַנק זיינע 200 און נאָך $250 עקסטראַ. ווען די קאָמיטע האָט אונטערזוכט די ביכער, איז ער שולדיג געבליבען $250, אָבער ביז די קאָמיטע האָט רעפּאָרטעט צו דער עקזעקוטיווע פון ברענטש, האָט ער די סומע אַריינגעבראַכט אין באַנק. נאָכהער האָט אַ צווייטע אונטערזוכונגס קאָמיטע אויסגעפונען, אַז ער איז שולדיג $143. לויט זיין חשבון, אָבער, איז ער שולדיג געווען $29.46. די דאָזיגע סומע האָט ער אַריינגעטראָגען. די אונטערזוכונגס קאָמיטע האָט אָבער שפּעטער רעפּאָרטעט, אַז ער איז אַלץ געבליבען שולדיג געלט. נאָכהער האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער סעקרעטער האָט צו דעם טרעזשורערס רעסיטס צוגעשריבען געוויסע סומען. די אונטערזוכונגס קאָמיטע פון בר. האָט דאָס פעסטגעשטעלט. דער ברענטש האָט דאמאָלס צוגענומען ביים סעקרעטער די ביכער און צוריקגעצויגען דעם סעקרעטער פון אַמט. אים, דעם טרעזשורער (דעם אַפּעלאַנט) האָט מען געטאַדעלט פאַר מיסברויכען זיין אַמט און געמאָנט פון אים $65, לויט דעם רעפּאָרט פון אוידיטינג דעפּאַרטמענט. דער אוידיטינג דעפּאַרטמענט האָט אָבער צוגעגעבען, אַז פאַר $19.46 האָט מען געהאַלטען דעם טרעזשורער פאַראַנטוואָרטליך, וואָס דאָס געלט איז שוין אויגענטליך געווען פון דעם נייעם סעקרעטער. אויסהערענדיג אַלע טענות, האָט די גריוועגס קאָמיטע באַשלאָסען אַרונטערצונעמען פון אים די $19.46 און האַלטען אים פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער איבעריגער סומע, לויט דעם רעפּאָרט פון דעם אוידיטינג דעפּאַרטמענט. אַזוי ווי דער פריערדיגער סעקרעטער האַלט ווידער דעם זעלבען אַמט אין ברענטש, האָט די גריוועגס קאָמיטע באַשלאָסען שיקען אַ פאַרטרעטער צום ברענטש און פאָדערען אַז דער סעקרעטער זאָל צוריקגעצויגען ווערען. אויך מאַכען זיי אויפמערקזאַם, אַז ברענטש־געלדער דאַרפען דעפּאָזיט ווערען אויף דעם צווייטען טאָג נאָך דעם מיטינג און אַז קיין באַאַמטער טאָר זיך ניט באַנוצען מיט ברענטש־געלדער פאַר פריוואַטע צוועקען.

דער רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. כאַנין באַריכטעט פאָלגענדעס:

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן צו שטיצען דעם „קאָמיטעט צו שאַפען ביכער פאַר רוסלאַנד" האָט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע באַווילינט 3300 ביכער פון אונזער אויסגאַבע, וועלכע זיינען ווי פאָלגט:

קאָאָפּעראַציע — 400 עקזעמפּלאַרען
היגיענע — 200 עקזעמפּלאַרען
טרייד־יוניאָניזם — 200 עקזעמפּלאַרען
דער סאָציאַליסטישער פּראָגראַם פון כ.ר.'ן — 100 עקזעמפּ.
קאַרל מאַרקס יובילעאום־בוך — 100 עקזעמפּלאַרען
באָטאַניק — 100 עקזעמפּלאַרען
פּאָליטישע עקאָנאָמיע — 400 עקזעמפּלאַרען
אַריפמעטיק — 100 עקזעמפּלאַרען
פּאָגראָמען אין אוקראַינע — 100 עקזעמפּלאַרען
קינדער־שפּילען — 300 עקזעמפּלאַרען
פיזישע ערציאונג פון קינדער — 150 עקזעמפּלאַרען
זאָאָלאָגיע — 600 עקזעמפּלאַרען
כעמיע — 400 עקזעמפּלאַרען
פּראָגראַם פון אַ. ר. שולען — 75 עקזעמפּלאַרען
פיזיק — 150 עקזעמפּלאַרען.

די גראַדואירונג פון די סטודענטען אויף די לערער־קורסען איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 8־טען יולי אין „פאָרווערטס" האָל. עס איז דאמאָלס אַראַנזשירט געוואָרען אַ שיינער קאָנצערט. עס האָבען גערעדט מאַקס פיין, יעקב לעווין, י. ב. ביילין און פאַרטרעטער פון די גראַדואירטע סטודענטען.

מאַנכע אַ. ר. שולען לעבען איצט איבער אַ קריזיס צוליב די שווערע עקאָנאָמישע צייטען און טיילווייז צוליב די פּראַקטיקאַנעלע שטריטיגקייטען צווישען די טוער פון די שולען.

אין באַלטימאָר וועט דעם מאָנאַט אָפּגעהאַלטען ווערען אַ קאָנפערענץ וועגען די אַ. ר. שולען. פר. יעקב לעווין איז ערוויילט געוואָרען דאָרט צו זיין פאַרטראָטען.

אין ראָטשעסטער איז די שול צוגעמאַכט געוואָרען, און אין ווינדזאָר, קענעדע, איז געעפענט געוואָרען אַ נייע שול.

עס איז באַשטימט געוואָרען צו עפענען אַ צווייטע שול אין האַרלעם, נ. י.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האַלט אין פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען „פריינד" די קאָמיטע וועט זען אויסאַרבעטען אַ פּלאַן, אַז דער „פריינד" זאָל אַוועקגעשטעלט ווערען אַזוי, אַז עס זאָל זיך אין אים אָפּשפּיגלען דאָס גאַנצע לעבען פון אַ. ר.

רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. דייווידאָף שטימט געגען עפענען נאָך אַ שול אין האַרלעם. פר. דייווידאָף דייטעט אויך אָן, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע דאַרף זען עפענען שולען אין ענגליש, דאָרט וואו עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אַזעלכע.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אין פאַרבינדונג מיט דעם אָרגאַניזאַציאָנס און מעמבערשיפּ קאַמפּיין איז אויסגעאַרבעט געוואָרען פאָלגענדער פּלאַן:

1) דער מעמבערשיפּ קאַמפּיין זאָל זיך אָנפאַנגען דעם ערשטען אָקטאָבער.

2) פּרעזענטירען מיט „פּאַב" יעדען מיטגליד, וועלכער וועט אַריינברענגען 5 אָדער מער נייע מיטגלידער.

3) יעדער ברענטש, וועלכער וועט אַריינבעמען 15 אָדער מער נייע

מיטגלידער זאָל פּרעזענטירט ווערען מיט אַ שיינעם העמערעל צו פירען די מיטינגען.

4) יעדען ברענטש זאָל געגעבען ווערען אַ קוואָטא אויף אַריינצונעמען נייע מיטגלידער, לויט דער פּראָפּאָרציע פון זיין מיטגלידערשאַפט.

5) צו זען שיקען פאָרטרעטער צו אַדרעסירען יוניאָן־מיטינגען וועגען אַ. ר. פראַגען און אַגיטירען אַז די יוניאָן מיטגלידער, וועלכע באַלאַנגען נאָך ניט צום אַ. ר., זאָלען זיך אַנשליסען.

6) דרוקען ליפלעטס וועגען אַ. ר. און פאַרשפּרייטען זיי צווישען יוניאָן מיטגלידער. אויך באַנוצען זיך מיט דער טרייד־יוניאָן פּרעסע.

7. אַלע אָנשטרענגונגען זאָלען געמאַכט ווערען צו אָרגאַניזירען ענגלישע ברענטשעס פון אַ. ר.

8) אַ פאַרזוך זאָל געמאַכט ווערען צו באַזוכען אַלע ברענטשעס אין פאַרלויף פון די קומענדע עטליכע מאָנאַטען.

9) ענדע אויגוסט זאָל זיך אָנפאַנגען די אָרגאַניזירונג פון די נייע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג פון רוסישען רויטען־קרייץ, אַז דער האָספּיטאַל, וואָס דער אַ. ר. וויל אויסשטאַנען, זאָל געעפענט ווערען אין האָמעל. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשטימט אָנצופירען אַן ענערגישען קאַמפּיין פאַר דעם פאָנד ביז'ן ערשטען נאָוועמבער, און דאַמאָלס קויפען אין דייטשלאַנד אַלע נייטיגע זאַכען פאַר דער אויסשטאַטונג.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו, אַז די $3000, וואָס זיינען באַוויליגט געוואָרען פאַר אַגריקולטור־מאַשינען פאַר אידישע קאָלאָניסטען אין רוסלאַנד, זאָלען איבערגעשיקט ווערען דורכ'ן „אידגעסקאָם“.

צוויי נייע ברענטשעס זיינען לעצטענס אינסטאַלירט געוואָרען — דער פּולטוסקער פאַראיין און די האַרלעמער יוגענט.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויסגעשלאָסען פון זייער קאָמיטע פר. א. לאַטקער, מיטגליד פון בר. 352. דער באַטרעפענדער איז אויך אַ מיטגליד פון דער זאָגענאַנטער „אַקציאָנס־קאָמיטע פון די „לינקע“. אַזוי ווי די אַקציאָנס־קאָמיטע איז פּאַקטיש אַן אָפּאָזיציע געגען די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס, און אַזוי ווי די סיטי קאָמיטע שטייט אונטער דער אויפזיכט פון דער פאַרוואַלטונג, האָט די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען, אַז איינער קען ניט זיין קיין מיטגליד פון די דאָזיגע ביידע קאָמיטעס צו דער זעלבער צייט. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט די האַנדלונג פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַנ. קאָמ. גוטגעהייסען.

אין בר. 246 זיינען פאָרגעקומען רייסערייען. די ניו־יאָרק סיטי קאָמיטע, וועלכע האָט באַזוכט דעם ברענטש, האָט געפונען, אַז איין מיטגליד, וועלכער שטערט די מיטינגען, באַנוצט זיך מיט זייער ניט קיין שיינע שפּראַך, און וועלכער איז אין אַ. ר. אין גאַנצען ערשט עטליכע מאָנאַטען, דאַרף אויסגעשלאָסען ווערען פון אַ. ר. אויף זייער רעקאָמענדאַציע איז דער באַטרעפענדער רעדזשעקטעט געוואָרען. אויך פאָרטרעטער פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָבען דעם בר. באַזוכט.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז אין אַלע ברענטשעס, וואו עס קומען פאָר רייסערייען, זאָלען ספּעציעלע מיטינגען גערופען ווערען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט צו די דאָזיגע ספּעציעלע מיטינגען שיקען פאָרטרעטער, אום זיך דורכצורעדען וועגען דעם צושטאַנד פון אָט די ברענטשעס.

אין בר. 554 איז אַ פאָרטרעטער פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ניט צוגעלאָזען געוואָרען. אַ ספּעציעלער מיטינג איז גערופען געוואָרען פון ברענטש. פר. וויינבערג איז דאָרט געוועזען פאָרטראַטען און זיי האָבען באַשלאָסען אין דער צוקונפט צוצולאָזען פאָרטרעטער פון די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס.

פר. לעוויטאַן איז געוועזען פאָרטראַטען ביי אַ ספּעציעלען מיטינג פון בר. 716, ספּרינגפילד, מאַס., וואו עס איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דעם פאַרלאַנג פון אַ גרופּע מיטגלידער צו באַוויליגען פאַר זיי אַ צווייטען ברענטש. איינער פון די מיטגלידער האָט ביים מיטינג זיך געכאַפּט שלאָגען און עס איז באַשטימט געוואָרען צו טרענספערירען אים אַלס מעמבער עט לאַרדזש.

וועגען גרינדען דאָרט אַ צווייטען ברענטש איז מען צו קיין באַשטימטען באַשלוס ניט געקומען, ווייל דער מיטינג האָט זיך ניט אין גאַנצען פאַרענדיגט. פר. לעוויטאַן איז אויך געוועזען פאָרטראַטען אין וואוסטער ביי אַ דזשאָינט מיטינג.

בר. 360, דעטראָיט, איז אויפגעלייזט געוואָרען, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט קיין טוער פון ברענטש. די מיטגלידער זיינען טרענספערירט געוואָרען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

אַלע מיטגלידער עט לאַרדזש פון פאַל־ריווער זיינען טרענספערירט געוואָרען צו בר. 667.

די קאָנפערענץ פון די באָסטאָנער ברענטשעס, וועלכע האָבען פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דער אויפלייזונג פון דער דיסטריקט קאָמיטע, האָט געבעטען צו שיקען אַ פאָרטרעטער צו זייער צווייטער קאָנפערענץ אין באַצוג דער זעלבער פראַגע. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ענטפערען זיי שריפטליך די מאָטיוועז וואָרום מען האָט אויפגעלייזט די באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע און ערקלערען זיי, אַז מיר געפינען ניט פאַר נויטיג צו זיין פאָרטראַטען ביי דער קאָנפערענץ.

דער נייער בר. 679, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין דאַלאַס, טעקסאַס, האָט צוגעשיקט צום דזשענעראַל אָפיס אַ טשעק אויף $370.55 פאַר רעליף. די סומע האָבען זיי געקליבען אין דער צייט ווען זיי האָבען געהאַלטען אין אינסטאַלירט ווערען אַלס ברענטש.

פר. ר. גוסקין, טשערמאַן פון אַ. ר., און פר. מאַקס פּיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, זיינען געפאָרען אין סינסינעטי אַלס דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו אַראַנזשירען אַ ספּעציעלען מיטינג פון בר. 78 פון סינסינעטי און זיי זאָלען דעם מיטינג אַדרעסירען. פר. גוסקין האָט זיך ביי דעם מיטינג ברייט אָפּגעשטעלט אויף די פאַלשע באַריכטען און פאַרלוימדונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען וועגען דער לעצטער קאָנווענשאָן פון אַ. ר. ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיי באַאיינפלוסען צוריקצוציען זייער רעזאָלוציע געגען דער עקזעקוטיוו, נאָר ער האָט פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלען נאָכאַמאָל פאַרהאַנדלען די פראַגע ביי אַ צווייטען מיטינג.

פר. וואָולף און ער (דינערשטיין) זיינען עטליכע מאָל געוועזען אין פּעטערסאָן ביי דער דאָרטיגער דיסטריקט קאָמיטע, ווי אויך ביי די מעמבערס עט לאַרדזש, וועמען עס איז באַוויליגט געוואָרען, אַז זיי זאָלען זיך אַנשליסען אָן ברענטשעס. די מעמבערס עט לאַרדזש וועלען אַריין אין צוויי ברענטשעס. וואָס אַנבאַלאַנגט די פּעטערסאָן דיסטריקט קאָמיטע, האָט זי פאַרשפּראָכען צו טאָן גוטע אַרבעט דעם יאָר און עס איז צו ערוואַרטען, אַז זיי וועלען זייער טעטיגקייט אָנפירען אין די ראַמען פון אַ. ר.

פר. וויינבערג און לעוויטאַן זיינען געוועזען פאָרטראַטען ביי בר. 62 אין פּאַסייק און זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען זייערע צווייטיגקייטען. דער ברענטש האָט געוואָלט צונעמען דאָס וואָרט אויף 6 מאָנאַטען ביי אַ מיטגליד, וועלכער איז געוועזען אַ דעלעגאַט צו דער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן“. פר. וויינבערג און לעוויטאַן האָבען געבעטען דעם ברענטש זיי זאָלען ניט נעמען אַזאַ שטרענגע שטעלונג בנוגע דעם מיטגליד, נאָר בלויז ערקלערען אין דער פּרעסע, אַז דער ברענטש איז ניט געוועזען פאָרטראַטען ביי דער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן“.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו טרענספערירען אַלס מעמבער עט לאַרדזש אַ מיטגליד פון בר. 260, וועלכער איז בלויז געוועזען 3 מאָנאַטען אין אַ. ר. און האָט געשטערט די מיטינגען פון ברענטש און פאַרלוימדעט די נאַצ. עקזעקוטיוו.

פר. ראָבערטס איז געוועזען פאָרטראַטען אין ניו־בראָנזוויק ביי אַ מיטינג וועגען אַ. ר. לייבאָר־ליסעאום. ער האָט זיי באַגריסט און אַפּעלירט צום /עולם צו אונטערשטיצען די אונטערנעמונג. ס'איז אויפ'ן אָרט געשאַפען געוואָרען אַרום $2500. די אָרטיגע טוער זיינען זיכער, אַז זיי וועלען שאַגען די $8000 וואָס זיי דאַרפען האָבען פאַר דעם לייבאָר ליסעאום.

פר. פישמאַן, מיטגליד פון בר. 417, האָט מיט אַ צייט צוריק געשריבען אַ בריף צום דזשענעראַל אָפיס אין אַ באַליידיגענדען טאָן. ער האָט געגאָסען פעך און שוועבעל אויף דער פאַרוואַלטונג פאַר די רעזאָלוציעס, וואָס עס זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן. אויף דער אויפפאָדערונג פון דער אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטע איז ער געקומען צו אַ מיטינג און האָט ערקלערט, אַז ער האָט געשריבען יענעם בריף אונטער דעם איינדרוק פון די צוויי רעזאָלוציעס פון דער קאָנווענשאָן ווען זיי זיינען דעם ערשטען טאָג פאַרעפענטליכט געוואָרען. ער האָט צוגעגעבען, אַז אין זיין בריף זיינען געווען אויסדרוקען, וועלכע האָבען ניט געדאַרפט זיין.

פר. וויינבערג איז געוועזען ביי בר. 250, פּיטסבורג. דאָרט איז פאָרגעקומען פאָלגענדעס: מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָט זייער ברענטש באַשלאָסען ניט צו באַטייליגען זיך אין קיין פּאָליטישע שטרייטיגקייטען. מען האָט ביי אַ געוויסען מיטינג געפרעגט דעם סעקרעטער וואָרום ער האָט ניט געבראַכט דעם צושריפט וועגען דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“, האָט ער דערקלערט, אַז דער ברענטש האָט באַשטימט זיך ניט צו מישען אין קיין פּאָליטישע פראַגען. דער מיטינג איז דאַמאָלס געוועזען אַ טומעלדיגער און נאָכדעם ווי דער טשערמאַן האָט דעם מיטינג געשלאָסען און די באַאַמטע זיינען אַוועק, האָט אַ קליינע גרופּע מיטגלידער ווידער געעפענט דעם מיטינג און באַשלאָסען באַטייליגען זיך אין דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“. דער סעקרעטער פון ברענטש האָט זיך נאָכהער אָנטזאַגט צו געבען אַ קרעדענשעל פאַר דעם דעלעגאַט צו דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“, באַהויפּטענדיג, אַז יענער איז ניט ערוויילט געוואָרען ביי קיין געזעצליכען מיטינג. פר. וויינבערג האָט זיי דערקלערט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו וועט ניט דערלויבען דאָס אַ מינאָריטעט פון ברענטש זאָל אַרויפצווינגען אירע באַשלוסען אויף דער מאַיאָריטעט. פאַרבייגייענדיג, האָט ער ערפאַרען, אַז זייער ברענטש האָט די לעצטע צייט פאַרלאָרען אַרום 60־70 מיטגלידער. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז בר. 250 זאָל די נעקסטע 3 מאָנאַטען זיין אונטער דער אויפזיכט פון דער פּיטסבורג דיסטריקט קאָמיטע; אַז פר. לינדער און דר. רעזניק, מיטגלידער פון בר. 250, זאָלען טרענספערירט ווערען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש, ווייל זיי האָבען פיל געהאָלפען צו שאַפען די רייסערייען אין ברענטש.

פר. וויינבערג איז אויך געווען ביי בר. 79, קליוולאנד. דער מיטינג איז געווען גוט באזוכט. דארט איז דער קאמף צווישען די צוויי ריכטונגען דערגאנגען צו אן עקסטרים. די לינקע עלעמענטען האבען די לעצטע עטליכע מאנאטען אריינגענומען ארום 25 נייע מיטגלידער, כדי צו האבען א שטארקערע גרופע אויף צו ארבעטען געגען דער נאצ. פארוואלטונג. אויף פר. וויינבערגס רעקאמענדאציע, איז באשלאסען געווארען אנצונעמען פאלגענדע שטעלונג בנוגע בר. 79.

1) אפצוטיילען די צוויי עלעמענטען אין צוויי באזונדערע ברענטשעס, ד. ה. געבען דער לינקער גרופע א באזונדערען ברענטש.

2) צו טרענספערירען אלס מעמבערס עט לארדזש פר. רייזגאלד, אלעף און שייפער, וועלכע האבען געהאלפען שאפען די רייסעריייען.

אויף דער רעקאמענדאציע פון פר. וויינבערג, איז באשלאסען געווארען צו באאויפטראגען דער קליוולאנד דיסטריקט קאמיטע צו באזוכען אין דער צוקונפט בר. 430, כדי צו זען אויסמיידען רייבונגען אין ברענטש.

דער ברענטש אין פארטשעסטער האט ניט אפגעהאלטען קיין מיטינגען און זיי האבען געדענקט דעם ברענטש אויפצולייזען. ער (דינערשטיין) איז דארט געווען פארטראטען, האט זיך דורכגערעדט מיט די מיטגלידער און זיי זועלען ווייטער פארבלייבען אלס ברענטש.

---

די פראגע וועגען איבערשיקען די $3000 פאר אגריקולטור מאשינען דורך דעם „אידגעסקאם“ ווערט דעבאטירט. עס ווערט באשלאסען דאס געלט ניט איבערשיקען דורכ'ן „אידגעסקאם“ און די פראגע נאכאמאל איבערגעבען צו דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע צו האנדלען.

דער רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמיטע ווערט דאן גוטגעהייסען.

## רעפארט פון דער סאניטאריום קאמיטע

פר. אשפיז טשערמאן פון דער קאמיטע, רעפארטעט, אז אום אויסצומיידען מיספארשטענדינשען אין באצוג צו עסען, האט די סאנטאריום קאמ. באשלאסען, אז די „מעניו“ זאל אויסגעארבעט ווערען פון דר. אנטאנאווסקי, אדלער און די קעכין, און אלע דריי זאלען פאר דער „מעינו“ זיין פאראנטווארטליך.

עס איז באשטימט געווארען צו באוויליגען דעם פארלאנג פון דר. פרידבערג, דעם אסיסטענט דאקטאר, אריבערצונעמען זיין פרוי אין סאניטאריום.

לויט דער מיינונג פון אונזער אינדזשיניר, ווי אויך פון דעם מאן וואס איז ארויסגעשיקט געווארען צו אונטערזוכען דעם באילער, וועט אומבאדינגט נויטיג זיין אריינצושטעלען א נייעם באילער. די קאמיטע האט באשלאסען צו קריגען עסטימייטס פאר א נייעם באילער און אריינשטעלען אזעלכע אין סאניטאריום.

פר. דריישפיל האט שוין אויסגעארבעט דעם פלאן פאר דעם נייעם רעזערוואואר, ווי אויך צו פאררעכטען דעם אלטען רעזערוואואר. די פלענער זיינען ארויסגעשיקט געווארען צו דר. אנטאנאווסקי צו קריגען עסטימייטס.

דער אלטער אויטאמאביל-טראק איז ניט אין ארדנונג און ס'איז געווען א פראגע צי מען זאל קויפען א נייעם אויטאמאביל-טראק אדער פאררעכטען דעם אלטען. די קאמיטע האט באשלאסען צו פאררעכטען דעם אלטען אויטאמאביל-טראק, וואס וועט קאסטען, לויט דעם עסטימייט, $288.00.

מרס. ראפאפארט, א פרוי פון א מיטגליד פון בר. 69, א באצאלטע פאציענטין, האט זיך ארויסגעצייגט צו זיין ערנסט קראנק און די דאקטוירים האבען באשלאסען, אז זי איז ניט קיין פאסענדע פאציענטין פאר אונזער סאניטאריום. נאכדעם ווי מען האט זיך מיט דעם ברענטש עטליכע מאל דורכגעשריבען, איז זי פון סאניטאריום אויסגעשריבען געווארען.

אן ענליכער פאל האט אויך פאסירט מיט א פאציענט, א מיטגליד פון בר. 434, וועלכער איז אויסגעשריבען געווארען פון סאניטאריום מיט איניגע טעג צוריק.

דער דענטאל דעפארטמענט איז שוין איינגעפיקסט געווארען. עס פעלען איניגע קלייניגקייטען, און אזוי שנעל ווי זיי וועלען ערהאלטען ווערען, וועט דער דעפארטמענט אנפאנגען צו פונקציאנירען.

דר. זעלדין, וועלכער איז אליין א דענטיסט, האט געהאט אויפזיכט איבער דער אויסשטאטונג פון דעם דענטאל דעפארטמענט. דער דאזיגער דעפארטמענט וועט אוועקגעשטעלט ווערען אזוי, דאס די פאציענטען זאלען קריגען די נויטיגע אויפפאסונג ווען זיי וועלען קורירען זייערע ציין.

דער קאנצערט, וואס ווערט אראנזשירט אויף דעם 30-טען יולי, אין סאניטאריום, פאר דעם בענעפיט פון לאס-אנדזשעלעס סאניטאריום, וועט, לויט אלע אויסזיכטען, זיין א גרויסער ערפאלג. אין דעם קאנצערט וועלען זיך באטייליגען אויסער חזן יאסעלע ראזענבאלט אויך די שוישפילער גאלדענבערג, לעבעדעוו און טענענהאלץ. פר. ראטהמאן איז ערוויילט געווארען צו פארען אין ליבערטי צו אראנזשירען דעם פארקויף פון די טיקעטס סיי אין סאניטאריום גופא דורך די פאציענטען, סיי אין די ארומיגע זומער-פלעצער.

די ערשטע ליניע ווערט איצט פאררעכט, אזוי אז דאס וואסער זאל ניט קענען אריינרינען אין בייסמענט, וואו עס געפינען זיך די שאוערס.

דער באריכט פון דער סאניטאריום קאמ. ווערט גוטגעהייסען.

---

פר. ראבערטס דערקלערט, אז דער סעקרעטאריאט פון דער לעצטער קאנווענשאן מעלדעט, אז עס איז דורכגעלאזען געווארען אויף די רעקארדס דער באשלוס צו געבען $1000 פון די רעליף-געלדער פאר דער ארגאניזאציע „אונזערע קינדער“ אין פוילען. עס ווערט באשלאסען איבערצושיקען די טויזענט דאלאר.

---

אלס קאמיטע צו ציילען די באלאטס פון קאנווענשאן-רעפערענדום ווערען ערוויילט פר. בערמאן און דאראשקין.

דער מיטינג ווערט דאן געשלאסען.

פ. געליבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

## נאך רעזאלוציעס

נאך רעזאלוציעס, וואס הייסען גוט די האנדלונגען פון דער טאראנטאער קאנווענשאן און ערמוטיגען די נייע נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע אין ארבעט, זיינען דערהאלטען געווארען פון פאלגענדע ברענטשעס:

בר. 26, וואטערבורי, אונטערגעשריבען: ה. קאסאווסקי, סעק.
בר. 36, ניו-יארק — ד. אלפערין, ק. מארגענראטה.
בר. 137, וואטערבורי — ל. רובינשטיין, סעק.
בר. 485, טאראנטא — א. גארעליק, סעק.

## א פארקערטע רעזאלוציע

א רעזאלוציע, וואס פראטעסטירט געגען די באשלוסען פון דער טאראנטאער קאנווענשאן, איז אנגענומען געווארען פון א פאראייניגטען מיטינג פון פאלגענדע ברענטשעס:

בר. 173, אמאהא.
בר. 626, אמאהא, אונטערגעשריבען: ב. מאפסאן, פ. הייקין, וו. יאניש, רעזאלוציאנס קאמיטע.

---

## א רוף פון דער י. פ. ס. ל. אין בראנזוויל

מיר ווענדען זיך צו אייך, מיטגלידער פון א. ר. אין בראנזוויל, אז איר זאלט זען ווירקען, אז אייערע דערוואקסענע קינדער זאלען זיך אנשליסען אן אונזער ברענטש און צוזאמען מיט אונז לעבען אין דער סאציאליסטישער אטמאספערע, וואס מיר שאפען.

מיר נויטיגען זיך אין א פרישער, יוגענטליכער און פרייער אטמאספערע, פריי פון גאס, פון שלעכטע חברים, פון בורזשואזער ערציאונג. איצט, אין די זומער-מאנאטען, קומט איינפאך אויס אייערע קינדער צו לעבען איינגאנצען ווילד און אומפאראנטווארטליך און מיר קענען זיך ניט פארשטעלען קיין בעסערע זאך פאר אייערע קינדער, ווי זיך אנצושליסען אן דעם י. פ. ס. ל. ברענטש אין בראנזוויל.

מיר מישען שבת, 5 נאכמיטאג, אין לייבאר-לייסעאום, 319 סעקמאן סטריט.

שיקט אונז אייערע קינדער, איר מיטגלידער פון א. ר.!

---

## א ווארנונג צו אלע אידישע ארגאניזאציעס

א אונגארישער אידישעד יונגערמאן, אלעקסאנדער בוירשאן, ארום 35 יאר אלט, פארהיירט, האט צוויי קינדער, א גוטער תלמוד'יסט, איז צוריק מיט א צייט געקומען צו אונז אין שטאט, זיך ערקלערט פאר א ראדיקאל, געווארען טעטיג אין א. ר. און שפעטער אויך אין דער ווארקערס פארטי, געקראגען דעם צוטרויען פון די אידען אין אינדיאנאפאליס, אויסגענוצט דעם צוטרויען, און באשווינדעלט אלעמען אין אינשורענס פאליסים. ווען מען האט דאס אנטדעקט, איז ער אנטלאפען פון שטאט, צונעמענדיג געלט ביי וועמען ער האט נאר געקענט.

מיר געפינען פאר נייטיג דאס צו פארעפענטליכען אום צו פארהיטען אנדערע ארגאניזאציעס פון אזוינע פאלען.

טשארלס בראדסקי, סעקר.

---

דער בר. 204 א. ר. דריקט אויס זיין צופרידענהייט מיט'ן באשלוס פון קאנווענשאן אין טאראנטא צו פראטעסטירען געגען דער אידישער פעדעראציע פון דער ווארקערס פארטי און איר ארגאן פאר פארלוימדען די א. ר. פירער און ברענגען אין א. ר. צעריסענהייט און מיסטרויען. גלייכצייטיג דריקט ער אבער אויס זיין אומצופרידענהייט, וואס די קאנווענשאן האט ניט פראטעסטירט געגען „פארווערטס“ פאר'ן איגנארירען א. ר. ארבעטען און פארלוימדען ארבעטער-פירער. נאר דערפאר וואס זיי שטימען ניט איין מיט די באנגעבער אין „פארווערטס“.

בר. 204 פרעס קאמיטע:

מ. צאלירין, ל. מעלצער, ל. האלצמאן.

# אַרבעטער רינג כראָניק

בר. 211 אַ. ר., אַזאַרקאַווער האָט איינגעפירט אַ נייעם דיוס-[...]נד, וואָס מעג ציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אַ. ר. [...]ענטשעס. דאָס איז אַ דיוס-רעליף-פאָנד פאַר אומבאַשעפטיגטע, [...]רייקענדע, קראַנקע, הילפלאָזע און מיטגלידער פון איבער 60 יאָר [...]ט, וואָס האָבען שוין ניט קיין מעגליכקייטען צו פאַרדינען. דאָס [...]טפערט אויף דער דרינגענדער פראַגע, וואָס מיר האָבען מיט עטליכע [...]נאַטען צוריק אויפגעהויבען אין איינעם פון אונזערע עדיטאָריאַלס, [...]זען, אַז מיטגלידער, וואָס זיינען אָפּגעוועזען לאַנגע יאָרען אין אַ. ר. [...]לען ניט דאַרפען געשטראָכען ווערען צוליב דעם, וואָס זיי קענען [...]ט מער צאָלען זייערע דיוס.

---

דער אַ. ר. בר. 394, דזשאָנסטאָן, פּאַ., האָט לעצטען זונטאָג דורכ-[...]פירט זייער יערליכען פּיקניק. ביי דעם פּיקניק איז אַנוועזענד [...]וועזען גענאָסע דזש. וויסבערג, דער סעקרעטער פון פּיטסבורגער דיסט-[...]קט פון דעם אַ. ר. גענ. וויסבערג האָט זיך דורכגערעדט מיט די [...]טגלידער פון ברענטש וועגען די פאַרשידענע פראַגען, וואָס שטייען [...]צט פאַר פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע, און ספּעציעל וועגען דעם קאַמ-[...]ין פאַר נייע מיטגלידער און די אַנדערע קאַמפּיינס, וואָס די דזשע-[...]ראַל עקזעקוטיוו פון דעם אַ. ר. פירט איצט אָן.

[...]אין אָווענט האָט גענ. דזש. וויסבערג אַדרעסירט אַ ספּעציעלען [...]טינג פון אונזער גרעסטען ברענטש פון די קליינע שטעטלאַך אַרום [...]טסבורג, דער בר. 758 פון אַלטונאַ, פּאַ.

[...]פון די 11 ברענטשעס, וואָס דער אַ. ר. האָט אין די שטעטלאַך אַרום [...]טסבורג, איז דער אַלטונער בר. דער גרעסטער. דער ברענטש האָט [...]ום 70 מיטגלידער און האָט זיך אין אַלע צייטען אויסגעצייכענט [...]ט אַ סך געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט פון דעם אַ. ר.

[...]ביי דעם ספּעשעל מיטינג האָט מען זיך דורכגערעדט וועגען די [...]רשידענע פראַגען וואָס שטייען פאַר אין דעם אַ. ר. וועגען די אַלע [...]טיגע אַרבעט וואָס דער ברענטש דאַרף אין דער נאָענטער צוקונפט [...]רכפירען. דער מיטינג האָט זיך געענדיגט מיט דעם פעסטען באַשלוס [...]ן אַ מיטגלידער פון אַלטונער ברענטש זיך אַריינצוואַרפען אין [...]ר אַרבעט פאַר די בעסטע אינטערעסען פון דעם אַ. ר.

[...]די עקזעק. קאָם. פון דעם פּיטסבורגער דיסטריקט פון אַ. ר. האָט [...]יף איר לעצטען וויכטיגען מיטינג באַשלאָסען זיך אַריינצוואַרפען [...]ן דעם אָרגאַניזאַציאָנס-קאַמפּיין, ניט וואַרטענדיג ביז ער וועט אָפּי-[...]על געעפענט ווערען דעם 1-טען אָקטאָבער. אַ גאַנצע רייע פון פּלע-[...]ר איז אָנגעצייכענט געוואָרען ווי אַזוי אויפצוהייבען די פאָן פון [...]ר. הויך און העכער אין דעם פּיטסבורגער דיסטריקט. עס איז אויך [...]שלאָסען געוואָרען צו באַזוכען די ברענטשעס פון דזשאָנסטאָן און [...]טונאַ און אויפמונטערען זיי אין דער אַרבעט.

---

[...]אויך אין דעם נאָרטהערן קאַליפאָרניע דיסטריקט איז אָפּגעהאַלטען [...]וואָרען אַן ענטוזיאַסטישער און פּראַכטפולער מיטינג פון דער דיסט-[...]קט קאָמיטע. אונזער לעבעדיגע חברה דאָרט מיינט אַרבעט. זיי [...]מען זיך צו אָרגאַניזירען ברענטשעס אין אַזעלכע שטעטלאַך, ווי [...]לעיאָ און אַקראַמענטאָ. פריינד שניידער האָט באַזוכט וואַלעיאָ און [...] פריינדע קאַבליק, שער און לעוויט פון לאָס-אַנדזשעלעס האָבען [...]זוכט פרעזנאָ, אויסצוגלייכען דאָרט אַ סכסוך אין בר. 619 — און [...]בען געהאַט ערפאָלג אין זייער אויפגאַבע.

---

[...]עס איז לעבעדיג אין וויניפּעג. די שולע פון אַ. ר., וואָס איז [...]ך אַזוי יונג, האָט שוין באַוויזען צו מאַכען אַן אומערוואַרטעטען [...]פאָלג. די שולע האָט שוין 170 קינדער. זי האָט שוין אויך אַ [...]נדער-גאָרטען און קלייבט זיך צו עפענען אַ מיטעל-שולע.

---

[...]דער אָפּיס פון אַ. ר. איז שוין באַנייט געוואָרען. די צימערען, [...]ס זיינען פריער געווען אומבאַקוועם אַראַנזשירט, זיינען איבער-[...]בויט געוואָרען. נאָך רומס זיינען צוגענומען געוואָרען און דער [...]ים באַקומט איצט אַ נייעם פּנים. דאָס וואָס דער יולי נומער [...]ריינד" האָט זיך אַזוי פאַרשפּעטיגט איז אויך פאַראורזאַכט גע-[...]וואָרען פון דער איבערבויאונג. צוליב דער זעלבער סיבה איז אויך [...]שפּעט אַרויסגעקומען דער אויגוסט נומער. ווייטער, האָפען מיר, וועט [...]ניט זיין קיין אורזאַך פאַר וואָס דער „פריינד" זאָל ניט ערשיינען [...]אין צייט.

---

דער קאָנצערט, וואָס די סאַניטאַריום קאָמיטע פון אַ. ר. האָט גע-[...]געבען אין ליבערטי לטובת דעם לאָס-אַנדזשעלעסער סאַניטאַריום, איז [...]געוועזען אַן ערפאָלג איבער אַלע ערפאָלגען. עס איז אַריינגעקומען אַ [...]פּראָפיט אַרום $8,500 און איבער 5 טויזענט מענטשען זיינען זיך צו-[...]זאַמענגעקומען פון אַלע זומער-פּלעצער צו הערען דעם גראַנדיעזען [...]קאָנצערט.

---

עס ווערען געמאַכט אַלע הכנות צו דער ווידער-ערעפענונג פון די [...]אַ. ר. בילדונגס-קורסען אין ניו-יאָרק (פאַר לערער און קולטור-טוער [...]אין דער אַרבעטער-באַוועגונג). די קורסען וועלען זיך עפענען דעם [...]18-טען סעפּטעמבער. עס וועלען דעם 10-טען סעפּטעמבער פאָרקומען [...]די איינטריטס-עקזאַמענס. עס ווערען ערוואַרטעט דעם יאָר אַ גרויסע [...]צאָל סטודענטען.

---

אַ קליינער ברענטשעלע אין אַ קליין שטעטעלע האָט געוויזען, אַז [...]ער קען טאָן גרויסע זאַכען. בר. 203 אין סאַוט-פאָלסבורג האָט גע-[...]שאַפען $1200 פאַר'ן געצייג-קאַמפּיין. וואָס זאָגט איר דערצו, איר [...]גרויסע בערען אין ניו-יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, דעטראָיט און [...]באַלטימאָר?

---

די פאָן פון אַ. ר. איז פון דער סאָוויעט-רעגירונג אין רוסלאַנד [...]הויך אַרויפגעצויגען געוואָרען אין דער וואָלגאַ געגענט. אַ גרויסער [...]האָספּיטאַל איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרען אויפ'ן נאָמען פון אַ. ר. [...]דער אָפּיס האָט וועגען דעם באַקומען אַ ספּעציעלע טעלעגראַמע פון [...]דעם פאָרזיצענדען פון דעם רויטען-קרייץ אין רוסלאַנד, סאָלאָוויאָוו.

---

די סאָוויעט-רעגירונג אין רוסלאַנד האָט אויפגעבויט אַ האָספּי-[...]טאַל אין האָמעל און דער אַ. ר. וועט אויסשטאַטען דעם האָספּיטאַל [...]מיט אַלע מכשירים. מ'דאַרף דערצו האָבען אַ היבשע סומע, אָבער [...]מיר ווייסען, אַז אונזער ריזיגע מיטגלידערשאַפט ווייס ניט פון וואַק-[...]לונגען. זי ווייס, אַז זי קען שאַפען די נויטיגע סומע.

---

פאַר די 10 טויזענט לאַבענס ברויט, וואָס די גענ. עקזעקוטיוו [...]פון אַ. ר. האָט צוגעשיקט צו די סטרייקענדע וועבער אין ניו-ענגלאַנד, [...]איז דערהאַלטען געוואָרען פון די סטרייק-פירער אַ הערצליכער דאַנק [...]פאַר אַלע מיטגלידער פון אונזער אָרדען.

---

אונזערע ברענטשעס האָבען זיך אַזוי גיך און פיין אָפּגערופען [...]אויף דעם אַפּיל פון דער גענ. עקזעקוטיווע פאַר די סטרייקענדע מיי-[...]נערס, אַז מיר קענען האָפען אויף אַ פאָנד פון טויזענטער פאַר די [...]ערשטע עטליכע טעג זיינען אַריינגעקומען פון די ברענטשעס אַרום [...]$1,500.

---

ניו-יאָרקער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע שלאָפט ניט אפילו [...]אין די הייסע זומער-טעג. צוויי נייע ברענטשעס זיינען אינסטאַלירט [...]געוואָרען פון פּולטוסקער פאַראיין און פון דער האַרלעמער יוגענט. [...]נייע וועלען נאָך קומען.

---

מ'זאָגט, אַז אין פילאַדעלפיע שלאָפט מען אויך ניט. מיר [...]וועלען גלויבען און וואַרטען.

---

בר. 43 גרייט צו אַ פייערונג פון אַ 30-יעריגען יובילעאום, וואָס [...]אַזעלכעס איז נאָך ניט געווען. מיר וועלען זען צי אַלץ וואָס מ'זאָגט [...]צו וועט טאַקע מקוים ווערען. מיר וועלען ווידער וואַרטען.




מיט געבויגענע קעפּ און צעבראָכענע הער־צער טרויערען מיר אויף דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער אַלעמענס באַליבטען פריינד ב. בעקער. מיט זיין טויט האָבען מיר פאַר־לאָרען איינעם פון די איבערגעבענסטע קעמ־פער פאַר׳ן אַ. ר. מיר דריקען אויס צו מרס. בעקער אונזער שמערץ פון טיפען האַרצען.

ד. אלפערין, ק. מאָרגענראָטה, בר. 36 אַ.ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרוי־ער אויף דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער פר. זעליג טאלער.

מ. בערענבוים, סעק., בר. 56 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרוי־ער אויף דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער פר. מאקס מעקלער, וועלכער האָט איבערגע־לאָזט אַ פרוי, 3 אומפאַרהייראַטע טעכטער און 2 זין. אונזער טיפסטער מיטגעפיל צו דער גאַנצער פאַמיליע. אויך דריקען מיר אויס אונזער מיטגעפיל צו פר. בעני פערלמאַן מיט זיין פרוי אויף זייער פאַרלוסט פון זייער גע־ליבטער טאָכטער, וואָס איז געשטאָרבען אין עלטער פון אַ יאָר און 2 מאָנאַטען. זאָל די צייט פאַרהיילען זייער וואונד.

מ. יפה, פינ. סעק., בר. 269 א. ר.

---

מיר שטייען מיט געבויגענע קעפּ און טרערען אין די אויגען איבער דעם אָפענעם קבר פון אונזער פר. אברהם ספעקטאָר, וועלכער האָט נאָך 5 וואָכען גרויזאַמע שמערצען פאַר־לאָרען זיין יונג לעבען. מיר אַלע פילען דעם ווייטאָג פון זיין פרוי און זיינע 2 יונגע קינדער. פון אונזער טיפען האַרצען שיקען מיר זיי אונזער טרייסט.

י. ג. גרענט, סעק., בר. 287 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער-טיפען טרויער און שמערץ אויף דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער אָרגאַניזער סעם ראָזען, וועלכער איז אַוועקגעריסען געוואָרען פון. אונזערע רייען אין זיין בליענדער יוגענט, 32 יאָר אַלט. מיט דעם טויט פון סעם ראָזען האָט דער אַ. ר. און אויך די אַרב.־באַוועגונג פאַרלאָרען איינעם פון זייערע טיכטיגסטע מיטגלידער. מיר דריק־קען אויס אונזער טיפסטען באַדויערען צו זיין פרוי און קינדער.

רעז. קאָם. בר. 315, בראָמסאָן, האַנאַלעס.

---

מיר באַדויערען דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער מיטגליד און חבר סעמועל לעווין, וועלבען דער טויט האָט פון אונז פלוצלונג אַוועקגעריסען אין זיין עלטער פון 35 יאָר. מיר דריקען אויך אויס אונזער סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

מאריס ד. אלפערט, בעני גראַדינסקי,
רעז. קאָם. בר. 558 א. ר.

---

מיר באַדויערען און באַקלאָגען דעם טויט פון אונזער פר. לואיס ליעסין און דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע און מיטגעפיל מיט דער אלמנה, יתומים און זיין איבערגעלאָזטע שוועסטער.

בר. 670. א. פעלדמאַן, סעקר.

---

מיר דריקען אויס דעם טיפסטען טרויער און מיטלייד צו אונזער מיטגליד פר. ב. וועקס אויף זיין אומערוואַרטעטען פאַרלוסט וואָס ער האָט געהאַט, פאַרלירענדיג זיין געליבטע מוטער.

ד. ל. סטריזשעווסקי, פינ. סעק., בר. 387.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 251 אַ. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען שמערץ און טרויער צו אונזער פר. ב. ריפקין אויף דעם פריציייטיגען טויט פון זיין פרוי פאולי ריפ־קין. מיר ווינטשען אים מער קיין צער ניט האָבען. ל. פאָלאַק, סעק.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען טרוי־ער אויף דעם פריציייטיגען, טראַגישען טויט פון אונזער פר. פ. עטקים, וועלכער איז גע־טויט געוואָרען פרייטאָג דעם 9־טען יוני, 1922. מיר שיקען אויך אונזער טיפסטען מיטגעפיל צו אונזער חבר׳ס פרוי און קינדער.

אויגוסט בעבעל בר. 521 א. ר.
נ. באַרדען, רעק. סעק.

---

מיר באַדויערען דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער פר. הענרי ל. ווייט, געשטאָרבען דעם 23־טען מאַי 1922, 34 יאָר אַלט. מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטי צו זיין פרוי און פאַמיליע.

מר. יעלאָוויטץ, סעק., בר. 707 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טרויער און טיפסטען מיטגעפיל אויף דעם פריציייטיגען טויט פון דער פרוי פון אונזער פר. יצחק ראָזענבערג.

בר. 237 אַ. ר. ב. הערמאַן, סעק.

---

מיט געבויגענע קעפּ און שווערען געמיט דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען טרויער אויף דעם פריציייטיגען טויט פון אונז[ער] מיטגליד פר. סאל. הערים. מיר דריקען או[יס] סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

בר. 62 אַ. ר. י. שטערנבערג, סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 146 אַ. באַדויערען דעם פריציייטיגען טויט פון א[ונ]זער פר. ל. קראַפּעטס.

ה. סוטין, סעק., בר. 146 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפען טרוי[ער] און שמערץ אויף דעם פריציייטיגען טויט פ[ון] אונזער טרייען חבר און מיטגליד פר. מאר[..] ליכטמאַן. מיר דריקען אויס אונזער מיטג[עפ]יל צו די עלטערן פון פר. ליכטמאַן און פא[..] האָפען אַז דאָס וועט זיין אַ טרייסט צו [..] טיפען שמערץ.

י. ל. פרץ בר. 575 אַ. ר.
ע. וואַלדמאַן, א. זומאָף, ד. קאָה[..]
ל. סאלצמאַן, רעז. קאָם.

---

מיר באַדוירען דעם אומגליק, וואָס ה[..] געטראָפען צו אונזער פר. א. גאָלדבלאַט, פא[ר]לירענדיג אַ קינד. מיר דריקען אויס [..] אים אונזער סימפּאַטיע.

ל. סאמסאָן, סעקר., בר. 128 אַ.

---

מיט טיפען טרויער באַדויערען מיר ד[..] טויט פון אונזער פר. בעני דזשיספער און [..] דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיל צ[ו] פריינד און זיין פאַמיליע.

עקז. קאָמ. פון בר. 412 א. ר.

---

מיט אַרונטערגעבויגענע קעפּ און מיט [..] ווייטאָג אין האַרצען באַדויערען מיר זייו[..] שטאַרק דעם פריציייטיגען טויט פון אונז[ער] ליבען פריינד און איינער פון די גרינדער פ[..] אונזער ברענטש, מאריס האפּנאגעל. מיר דר[יק]קען אויס אונזער גרעסטע און טיפסטע סי[מ]פּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער און די איב[ע]ריגע קרובים.

בר. 606 אַ. ר. דזש. קופּער, סעקר.

---

מיר באַדויערען זייער דעם אומגליק וו[אָס] האָט געטראָפען אונזער מיטגליד פר. פ[..] סטיין און זיין פרוי דורך דעם פאַרלוסט פ[ון] זייער זון, וועלכער איז אין זיין בליענד[ער] יוגענט אַנגעגריפען געוואָרען פון דער שרע[ק]ליכער קראַנקהייט, די ווייסע פעסט, און ענ[ד]ליך האָט דער טויט אים פון זיי אינגאַנצ[ען] אַוועקגעריסען.

י. י. גרענט, סעק., בר. 287 אַ. ר.

# אן ערקלערונג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר.

**די עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר. געפינט פאר נויטיג ארויסצוגעבען צו די מיטגלידער און ברענטשעס פון א. ר. אן ערקלערונג וועגען די געשעהענישען אין אונזער ארגאניזאציע און די סעקרעטארען זיינען געבעטען די דאזיגע ערקלערונג פארלעזען ביי די מיטינגען.**

וואס האט לעצטענס פאסירט ביי אונז אין ארבעטער־רינג?

עס איז געהאלטען געווארען די 22־טע קאנווענשאן אין טאראנטא. די קאנווענשאן איז די העכסטע אינסטאנץ פון אונזער ארגאניזאציע. די דעלעגאטען פון דער קאנווענשאן זיינען די פארטרעטער פון דער מיטגלידערשאפט. זיי זיינען געוויילט דורך דער מערהייט פון די מיטגלידער ביי די ברענטשעס, אדער דורך די קאנפערענצען ...ופא. הייסט עס, אז זיי דריקען אויס דעם סענטימענט פון די מערהייטס מיטגלידער פון א. ר. די מערהייט ביי דער קאנווענשאן האט צווישען אלע אנדערע באשלוסען אויך אנגענומען צוויי רעזאלוציעס: איינע, וועלכע פאדערט אנערקענונג פאר רוסלאנד, און צו דער זעלבער צייט אפעלירט די צו דער סאוויעט רעגירונג פאר דער באפרייונג פון יענע סאציאליסטישע פאליטישע ארעסטירטע, וועלכע האבען זיך ניט באטייליגט אין ...יין קאנטער־רעוואלוציאנערע טאטען געגען דער סאוויעט רעגירונג.

די צווייטע רעזאלוציע האט אויסגעדריקט א פראטעסט געגען די מעטאדע און טאקטיק פון דער אידישער סעקציע פון דער ווארקערס פארטי און איר ארגאן, וועלכער האט פון דעם ערשטען טאג פון איר עקזיסטענץ ניט אויפגעהערט צו פארשוימרען די פירער און די טוער פון א. ר.

און אט די צוויי רעזאלוציעס האבען דאס ארויסגערופען דעם צארן פון די פראטעסטאנטען, וועלכע האבען אנגעפאנגען צו העצען צווישען די ברענטשעס געגען דער געזעצליכער קאנווענשאן פון א. ר. און אירע דעלעגאטען, און האבען פאררופען א זאגענאנטע פראטעסט קאנווענשאן. מען האט זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיין מיטלען. מען האט אבזיכטליך געפעלשט דעם אינהאלט פון די רעזאלוציעס. דער ארגאן, וועלכער האט גענומען ...נטער זיינע פליגלען די „פראטעסט" באוועגונג, האט טאג איין און טאג אויס געהאלטען אין איין ...מוצען און פארלוימדען אלע טוער פון א. ר. און די מערהייט פון דער קאנווענשאן. אבוואל יעדער איינער פון די לידערס פון דער פראטעסט קאנווענשאן ווייסט גאנץ גוט, אז מען קען ניט רופען קיין פראטעסט קאנווענשאן נעגען באשלוסען פון א געזעצליכער קאנווענשאן, נעגען רעזאלוציעס פון א לעגאלער קערפערשאפט אין דעם א. ר. אלע ווייסען, אז א באשלוס אין אן ארגאניזאציע ווערט זעלטען אנגענומען מיט אן איינהייטליכער צאל שטימען. עס איז אימער פאראן א מינאריטעט, וועלכע איז ניט איינשטימיג מיט די באשלוסען פון דער מאיאריטעט. אויב מען זאל איינפירען אט די מעטאדע פון פראטעסט, דאן וואלטען מיר געהאט יעדע וואך אדער יעדען מאנאט פראטעסט קאנווענשאנס, ווייל עס זיינען אימער דא מינאריטעטען. אזא פראצעדורע איז א געפאר פאר דער איינהייט פון אן ארגאניזאציע.

אין דער פארגאנגענהייט זיינען פארגעקומען אין א. ר. פיל שטרייטינקייטען, וועלכע האבען ארויסגערופען גאנץ היים בלוט. שטורמישע קאנפערענצען זיינען געהאלטען געווארען, אבער קיינמאל איז ניט געשאפען געווארען א נעגען ארגאניזאציע אין די רייען פון דעם א. ר. קיינמאל האט זיך ניט געבילדעט אין די רייען פון אונזער ארגאניזאציע אן אומלעגאלע קערפערשאפט, וועלכע נעמט ארדערס פון מענשען, וואס האבען מיט דעם א. ר. גאר ניט צו טאן. די איצטיגע ...יער פון דער „לינקער" באוועגונג אין א. ר. ...רען אבער דורך באשלוסען, וועלכע זיינען אין די אינטערעסען פון א פרעמדער קערפערשאפט, פון אן אויטסיידיגער ארגאניזאציע, וועלכע זוכט אין אט דעם טומעל צו שאפען פאר זיך פאפולאריטעט און געלט־שטיצע פאר אירע ספעציעלע צוועקען.

אז זייער קאמפיין איז געפירט געווארען פון פרעמדע מענשען און פאר זייטיגע אינטערעסען, באווייזט דער פאקט, אז אויף די לעטער־העדס פון זייער ארגאן מיט דער אונטערשריפט פון איר קאמפיין מענעדזשער, זיינען געשיקט געווארען אויף צו מענשען אין פארשידענע שטעט, וועלכע זיינען גאר ניט קיין מיטגלידער פון א. ר., אויפפאדערענדיג זיי, אז זיי זאלען אין זייערע שטעט אנווענדען אלע מיטלען צו ווירקען אויף די ברענטשעס צו באטייליגען זיך אין דער פראטעסט־קאנווענשאן דירעקט אדער דורך פראקסים.

אז דער גאנצער טומעל, כלומר'שט געפירט מיט דער אבזיכט צו „רייניגען" דעם א. ר., איז א פראדוקט פון פרעמדע גרופען און ארגאניזאציעס, צייגט אויך דער פאקט, וואס אויף די לעטער־העדס פון ברענטשעס פון דער אידישער סעקציע פון דער ווארקערס פארטי, געשריבען פון די סעקרעטארען פון די דאזיגע ברענטשעס, ווערען אין מאנכע שטעט ארויסגעשיקט בריף צו מיטגלידער פון א. ר. צו באטייליגען זיך אין די מיטינגען פון די א. ר. ברענטשעס, ווען עס ווערען פארהאנדעלט ווערען פראגען, אין וועלכע זייער פארטיי איז פאראינטערעסירט. אין אנדערע ווערטער, הייסט עס, אז די אידישע ברענטשעס פון דער ווארקערס פארטי זוכען צו קאנטראלירען די א. ר. ברענטשעס, און אויסנוצען זיי פאר זייערע אינטערעסען. נאך מער האט זיך ארויסגעצייגט די אבזיכט פון דער אידישער סעקציע פון דער ווארקערס פארטי צו ווערען א בעל־הבית און דעה־זאגער איבער אונזערע ברענטשעס ביי דער פראטעסט קאנווענשאן גופא, ביי וועלכער די הויפט טאן־געבער זיינען געוועזען מענשען, וועלכע זיינען אפילו ניט קיין מיטגלידער פון א. ר. און האבען מיט אונזער ארגאניזאציע קיין פארבינדונג ניט.

**און וואס איז ביי זייער פראטעסט קאנווענשאן פארגעקומען?**

זיי האבען אנגענומען א פראיעקט פאר א נייער פרינציפען־ערקלערונג פון דעם א. ר. די מענשען, וועלכע האבען אריינגעבראכט דעם פראיעקט פון דער פרינציפען־ערקלערונג, ווייסען גאנץ גוט, אז צו אונזער געזעצליכער קאנווענשאן האט די נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע פארגעשלאגען א פראיעקט פאר א פרינציפען־ערקלערונג און די קאנווענשאן האט זי אנגענומען, און זי ווערט געשיקט, אויף דעם געזעצליכען וועג, צו די ברענטשעס פאר א רעפערענדום אפשטימונג. זיי ווייסען, אז דער פראיעקט פאר דער פרינציפען־ערקלערונג, ווי אלע באשלוסען זייערע, האט ניט קיין לעגאלע ממשות, און יד ארגאניזאציע קען זיך מיט זייערע באשלוסען ניט רעכענען, קען זיי זאגאר אין אנבאטראכט ניט נעמען. זיי ווייסען, אז די גאנצע פראטעסט קאנווענשאן איז בלויז געוועזען א זייפען־בלאז, וועמעס רויטע קאלירען זיינען געוועזען אנציענד פאר מאנכע מיטגלידער, וועלכע האבען זיך ניט געקענט פאנאנדערקלייבען אין דער פראגע. זיי האבען געוואוסט, אז זייערע האנדלונגען קענען ניט האבען קיין ווירקונג אויף דער ארגאניזאציע, אז פארקערט, דאס קען בלויז אריינברענגען מיספארשטענדעניש און דיסארגאניזירען די רייען פון אונזער גוט־דיסציפלינירטען ארדען. אבער וואס קימערט זיי די גאנצקייט פון אונזער ארגאניזאציע? וואס ארט זיי, וואס געוויסע ברענטשעס זיינען פארבלענדט פון זייערע שיינע רעוואלוציאנערע פראזען און האבען געשיקט דעלעגאטען צו זייער פראטעסט קאנווענשאן, אין דער צייט ווען אט די ברענטשעס, ספעציעל די ברענטשעס פון די ווייטערע שטעט, געפינען זיך אין א קריטישען פינאנציעלען צושטאנד און קענען זאגאר ניט צאלען זייערע חובות צום אפיס. וואס קימערט זיי בכלל דער פינאנציעלער און אלגעמיינער צושטאנד פון אונזערע ברענטשעס? זיי אינטערעסירען ביים יעצטיגען מאמענט בלויז זייערע אייגענע קלייזער־אינטערעסען און זיי האבען גערעכנט, אז די פראטעסט קאנווענשאן וועט זיי העלפען מאכען פאפולער זייער ארגאן און זייער ארגאניזאציע, און אויף די פלייצעס פון אונזערע ברענטשעס ארויפארבעטען זייערע „געפעלענע ביזנעס".

ווי לעכערליך און דעמאגאגיש עס קלינגען זייערע געשרייען, אז די מערהייט פון דער געזעצליכער קאנווענשאן האט געוואלט פראוואצירען א שפאלטונג אין די רייען פון א. ר., נאר מענשען אן פאראנטווארטליכקייט קענען זיך דערלויבען צו מאכען אזעלכע באשולדיגונגען און אזוי חוצפה'דיג שיטען זאמד אין די אויגען פון דער מיטגלידערשאפט.

אט האבען צוויי גרויסע ארבעטער־ארגאניזאציעס אנגענומען ענליכע רעזאלוציעס בנוגע די פאליטישע ארעסטירטע אין רוסלאנד: די אינטער נעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן און די אינטערנעשאנאל פאריערס יוניאן. צוויי גרויסע, וויכטיגע קערפערשאפטען אין אמעריקע. דארטען איז אויך געוועזען א מינאריטעט. דארטען זיינען אויך געוועזען מענשען, וועלכע זיינען ניט געוועזען איינפארשטאנען מיט די דאזיגע רעזאלוציעס. וואס זשע האבען זיי געטאן? האבען זיי אויך גערופען פראטעסט קאנווענשאנס? האבען זיי אויך באשמוצט און פארלוימדעט די מערהייט פון זייערע געזעצליכע קאנווענשאנס? איז דארט מיט דער הילף פון פרעמדע אויטסיידער ארגאניזאציעס אנגעפירט געווארען א קאמפיין צו פארלוימדען און באשמוצען די פירער פון זייערע ארגאניזאציעס? ניין! דארט זיינען מענשען לאיאלע, דארט זיינען ארגאניזירטע און דיסציפלינירטע מיטגלידער, וועלכע ווייסען, אז די מערהייט איז די געזעץ־געבענדע מאכט, און אויב זיי זיינען אומצופרידען, קענען זיי דאס אויסדריקען אויף אן אנשטענדיגען און ערליכען וועג, דורך רעזאלוציעס אין זייערע לאקאלס, אבער ניט דורך אומגעזעצליכע קאנווענשאנס. דארטען, אין יענע ארגאניזאציעס, וועלען זיי ניט וואגען אנצופירען אזעלכע העצעס. זיי האבען זאגאר ניט געוואגט אין די עדיטאריעלס צו זאגען א ווארט וועגען די דאזיגע רעזאלוציעס. זיי האבען גאר איבערגעגעבען דעם פאקט. און פאר וואס איז דאס אזוי? ווייל זיי ווייסען, אז דארטען, אין יוניאנס, האנדעלט זיך וועגען דעם ברויט פון די מיטגלידער, און ווען אויטסיידיגע מענשען, מיט אנדערע צילען, זאלען זיך דארט אריינמישען און זאגען א דעה, וואלט מען זיי געגעבען איבער די הענט.

אין דעם א. ר., אבער, דענקען זיי, אז זיי וועלען קענען אנגיין מיט זייערע הפקרות אומגעשטערט און אומבאגרעניצט, ווייל זיי מיינען, אז א טייל פון אונזערע מיטגלידער טראכטען זיך ניט אריין אין דעם נעפאר, וועלכע שטעקט אין אט די אגיטאציעס. זיי דענקען, אז אונזערע מיטגלידער זיינען נאאיוו און אז זיי וועלען אננעמען יעדען פראזען־העלד פאר א רעוואלוציאנער, יעדען שרייער פאר א רעטער פון דער מענשהייט. ווי ווייט די הפקרות גייט, קענט איר זען פון דעם, אז אויסער דעם, וואס זיי האבען פאלש איבערגעגעבען די אויבענדערמאנטע צוויי רעזאלוציעס, האט מען עפענטליך, חוצפה'דיג געבראנדמארקט די געזעצליכע קאנווענשאן פון א. ר. דורך א ליגנערישע באהויפטונג אין דער פארם פון א רעזאלוציע, אז די 22־טע קאנווענשאן האט ניט באוויליגט קיין געלדער פאר דער אמנעסטיע באוועגונג אין אמעריקע מיט דער אויסנאם פון די 100 דאל. פאר דעם סאקא־וואנזעטי דעפענס פאנד, אין דער צייט ווען אין די אפיציעלע רעקארדס פון קאנווענשאן איז געדרוקט די רעזאלוציע, וואס פאדערט אמנעסטיע פאר אלע פאליטישע ארעסטירטע אין אמעריקע און א סומע פון טויזענט דאלאר ($1000) ווערט באווילינט פאר דער אמעריקאנער אמנעסטיע באוועגונג.

וואו איז דער גרעניץ פון אזעלכע אומפארשעמטע און אומפאראנטווארטליכע סטייטמענטס? ווי ווייט נאך קענען מיטגלידער פון אן ארגאניזאציע אזוי אומפארשעמט האנדלען נעגען זייער לעגאלע קאנווענשאן? אזא זאך האט נאך אין דעם א. ר. קיינמאל ניט פאסירט און מיטלען מוזען אנגענומען ווערען, אז דאס זאל מער ניט פאסירען.

אט די זאגענאנטע פראטעסט קאנווענשאן האט אויך ערוויילט אן „אקציאנס קאמיטע" — א מין פארוואלטונגס־אפאראט — וועלכער זאל דורכפירען די באשלוסען פון דער פראטעסט קאנווענשאן, דאס הייסט, אז אין א. ר. וועלען מיר פון איצט אן און ווייטער האבען א פארוואלטונגס קאמיטע, ערוויילט דורך דער ברייטער מיטגלידערשאפט און ראטיפיצירט פון דער געזעצליכער קאנווענשאן, און אויך אן „אקציאנס־קאמיטע", וואס איז ערוויילט געווארען פון אן אנדער אומלעגאלער, אומגעזעצליכער קאנווענשאן. עס הייסט, אז אט די יעניגע, וועלכע שרייען וועגען זייער איבערגעגעבענהייט צו דעם א. ר., שאפען א רעגירונג אין א רעגירונג, אן ארגאניזאציע אין אן ארגאניזאציע, און אט דאס הייסט ביי זיי איבערגעגעבענהייט צו די אינטערעסען פון א. ר.

זיי שרייען, אז דער א. ר. האט פארלארען זיין גייסט, האט פארלארען זיין נשמה. זיינען דען איינינע פון אט די הויפט־שרייער ניט געוועזען יארען און יארען פארוואלטער אין א. ר., טשערלייט אין דעם א. ר., און פון איינצעלנע קאמיטעס? האט זיך דאן דער א. ר. ניט געפירט אויף דעם זעלביגען וועג, ווי ער פירט זיך איצט געוויס יא.

נאר מערקווירדיג, אזוי שנעל ווי אט די „רעוואלוציאנערען" זיינען ארויס פון דער פארוואלטונג און האבען ארויסגעשטעלט זייערע פיס פון דעם אכטען פלאר, איז פלוצלונג די נשמה ביי זיי פארלארען געגאנגען, ארויסגעפלויגען אין די

זיבען הימלען. פארוואס איז דאס? דער ענטער איז אן איינפאכער:

דער א. ר. האט זיין נשמה פונקט ווי ער האט זי געהאט מיט יארען צוריק, נאר די גאטס־סטראפטשעס האבען פארלארען די אויפריכטיגקייט, און דעריבער האבען זיי פארלארען זייער ראלע אין א. ר. זיי זיינען געווארען ווערקצייג אין די הענט פון עלעמענטען און פון אינטערעסען, וועלכע האבען אבסאלוט גאר ניט צו טאן מיט דעם א. ר. זייענדיג פארביטערט צוליב פערזענליכע קריוודעס וויקעלט מען איין די טומאה אין דער יראה און מ'שרייט קאראאול: דער א. ר. איז אין געפאר. דער, וואס זעט ניט די פארטייאישע אבזיכטען, דער קען קיין זאך ניט זען. יעדער מענש קען די דאזיגע היפאקריטססטווא אנטאפען מיט די הענט.

זיי האבען טענות ווארום די קאנווענשאן האט כלומר'שט ניט אנערקענט דעם ארגאן פון דער אידישער סעקציע פון דער ווארקערס פארטי. זיי האבען טענות, ווארום די קאנווענשאן אין טאראנטא האט אנגענומען א רעזאלוציע צו פראטעסטירען געגען די טאקטיק און מעטאדען פון זייער ארגאן. און ארום דעם קאנצענטרירט זיך זייער גאנצער טומעל.

מיר ווילען דא ניט פארענטפערען די האנדלונגען פון דער קאנווענשאן, ווייל, ערשטענס, גלויבען מיר, אז די האנדלונגען נייטיגען זיך ניט אין קיין פארענטפערונג. צווייטענס, איז דאס ניט אונזער אויפגאבע. מיר דערמאנען, פארבייגייענדיג, דעם פאקט, ווייל ביי זיי איז דער הויפט באזיס פון זייערע אטאקעס אויף דער פארוואלטונג פון א. ר. מיר ווילען נאר פארברענגען איין כאראקטעריסטישען פאקט:

דער פארטרעטער פון דער אידישער סעקציע פון דער ווארקערס פארטי, דער רעדאקטאר פון זייער צייטונג, וועלכער איז געפארען באגריסען די קאנווענשאן פון א. ר. אין טאראנטא, האט מיט א וואך שפעטער געהאט טראבעל מיט די אימיגריישאן באאמטע פון קענעדע. פיל טוער פון דער ארבעטער־באוועגונג האבען געהאט אזעלכע אומאנגענעמליכקייטען. דער סעקרעטאר פון דער אמאלגאמייטעד, ווי אויך דער סעקרעטאר פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען זיינען אמאל געוועזען פראהאלטען, און פיל אנדערע זיינען געוועזען פארשפארט שטונדען לאנג און זאגאר גאנצע טעג ביי דער קענעדער גרעניץ צוליב פארשידענע אורזאכען. מענשען מיט ראדיקאלע אנשויאונגען זיינען פארדעכטיג אין די אויגען פון אלע רעגירונגען. א גאנץ פארשטענדליכע ערשיינונג. גייט מען אבער ארויס אין אן עדיטאריעל מיט די שענדליכסטע אינסינואציעס, און מען גיט אנצוהערען, אז ער איז ארעסטירט געווארען צוליב דעם, וואס מען האט אים אדווערטייזט אלס א געפערליכער באלשעוויק, וועלכער איז געקומען מאכען א רעוואלוציע אויף דער א. ר. קאנווענשאן, מ'האט אריבער געשטיגען יעדע גרעניץ פון אומפארשעמטקייט, אינסינואירענדיג, אז די קאנווענשאן פון דעם א. ר. האט גע'מסר'ט זייער רעדאקטאר.

דאס אינטערעסאנטסטע איז אבער, אז מיט עטליכע טעג שפעטער, נאכדעם ווי דער עדיטאריעל איז ערשינען, האט דער בעל־דבר אליין געהאט אן ארטיקעל, אין וועלכען ער האט דערציילט, אז נאך פאריארען האט אים די קענעדער רעגירונג פארדעכטיגט און אים געמאכט שוועריגקייטען ביי דער גרעניץ.

אויב אימיצער האט יע גע'מסר'ט, זיינען דאס געוועזען זייערע אייגענע מענשען. זיי אליין האבען דאך אין זייער בלעטעל מיט גרויסע בוכשטאבען פארפויקט די גאנצע וועלט, אז זייער רעדאקטארס קומען צו דער א. ר. קאנווענשאן ווארפט אן א פחד אויף דער מערהייט פון דער קאנווענשאן. אזא געפערליכער רעוואלוציאנער איז ער!

און דאס איז ניט דער איינציגער פאקט, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דער אומפאראנטווארטליכקייט און ליגנערישע טאקטיק פון זייער ארגאן. כמעט יעדער נומער, וואס איז ערשינען פאר דער קאנווענשאן און דורך דער צייט פון קאנווענשאן, האט אנטהאלטען א מוסטער פון ענליכע „ליטעראטור“ און „אויפקלערונג“ וועגען דעם א. ר. און עס פארשטייט זיך, אז יעדער איבערגעבענער מיטגליד, יעדער דעלעגאט פון קאנווענשאן, וועמען די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע זיינען טייער, האט געמוזט אויסדריקען א פראטעסט געגען אט די דאזיגע אומפאראנטווארטליכע מענשען, וועמעס טאקטיק באשטייט אין פארלוימדען, באשמוצען ארבעטער־ארגאניזאציעס, געברויכענדיג דעם אלטען מיטעל פון די יעזואיטען: „שמוצט וואס מערער, ווייל עטוואס וועט זיך צוקלעפען.“

די גרויסקייט און שטארקייט פון דעם א. ר. איז צו פארדאנקען די הארמאניע און איינינגקייט, וועלכע האט געהערשט אין אונזערע רייען, און די ליבע און איבערגעבענהייט, וואס די מיטגלידער האבען ארויסגעצייגט צו זייער ארגאניזאציע.

זיי, די נייע רעטער פון דער „ריינקייט“ אין דעם א. ר., ווענדען אן אלע זייערע כחות אונטערצוגראבען דעם צוטרויען צו דער פארוואלטונג פון דעם א. ר. און שטרענגען זיך אן מיט אלע זייערע כחות צו דעמאראליזירען די מיטגלידערשאפט, רופענדיג זיי צו אומלעגאלע האנדלונגען, צו אומלעגאלע טאטען. דער רוף צו אזא פראטעסט קאנווענשאן איז אן און פאר זיך אן אומגעזעצליכער און האט שוין ארויסגעצייגט אין פיל פלעצער א דעמאראליזירענדען כאראקטער. מינאריטעטען האבען זיך אפגעשפאלטען פון די מאיאריטעטען אין פיל ברענטשעס און האבען אליין אן פאראנטווארטליכקייט צום ברענטש באשלאסען צו באטייליגען זיך אין דער פראטעסט קאנווענשאן. אזוי, צום ביישפיל, איז פארגעקומען אין בר. 92, וואשינגטאן. נאך דעם ווי א גרויסע מאיאריטעט פון ברענטש האט באשלאסען ניט צו באטייליגען זיך אין דער דאזיגער זאגענאנטער פראטעסט קאנווענשאן, האט די מינאריטעט געבראכען יעדע דיסציפלין און אפגעהאלטען א באזונדערען מיטינג און יא געשיקט דעלעגאטען. דאס זעלבע האט פאסירט אין בר. 62, פאסעיק, און אין פיל אנדערע ברענטשעס. און אט די זעלבסט־געקרוינטע דעלעגאטען זיינען אנערקענט געווארען ביי דער פראטעסט קאנווענשאן און זיינען צוגעלאזען געווארען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס אין זייער פרעסע האט מען פייערליך ערקלערט, אז נאר דעלעגאטען ערוויילט פון די ברענטשעס וועלען אנערקענט ווערען.

וועגען יעדער זאך, וואס קומט פאר אין א. ר., ווערען די פאקטען אין זייער צייטונג אזוי צעדרייט און אזוי מיסרעפרעזענטירט, אז איר וואונדערט זיך נאר, ווי קענען דאס מענשען, וועלכע האבען די קלענסטע אכטונג צו זייערע לעזער, אזוי ציניש און פארברעכעריש זיי באשווינדלען.

און זיי האבען נאך טענות, ווארום מען אנערקענט ניט זייער ארגאן. זיי באקלאגען זיך נאך, אז די קאנווענשאן האט געבראכען טראדיציעס פון א. ר. ווען מען זייעט ווינט, שניידט מען שטורעם. ווען זיי האנדלען אזוי געגען דער פארוואלטונג פון א. ר., קענען זיי ניט ערווארטען, אז די פארוואלטונג און די קאנווענשאן זאלען זיי באהאנדלען ווי פריינד, און זיי אנערקענען. ניט נאר האט מען נעדארפט פראטעסטירען געגען זייער עקעלהאפטער טאקטיק, נאר יעדער מיטגליד פון א. ר. דארף פילען אנטריסטונג געגען אט די „ריינינגער“ פון דער באוועגונג און באטראכטען זיי אלס די ערגסטע שונאים פון דער גאנצקייט פון אונזער ארגאניזאציע.

זיי האבען אריינגעבראכט א דעמאראליזירענדען הפקר־גייסט אין מאנכע ברענטשעס און פרובירען אויך פארגיפטען אונזערע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס. די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס זיינען סאב־קאמיטעס פון דער עקזעקוטיווע, וועלכע דארפען אין די לאקאלע פלעצער דורכפירען די ארבעט, וועלכע די עקזעקוטיווע גיט זיי איבער. זיי, אט די סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, מוזען האנדלען אין דעם גייסט און לויט די אינסטרוקציעס פון דער אדמיניסטראציע פון א. ר. אבער היינט זיינען מיר געקומען צו אזא צושטאנד, אז איינינגע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס ערלויבען זיך צו האנדלען אין נעגענזאץ צו די אינסטרוקציעס און באשלוסען פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, און פירען אן צווישען די ברענטשעס אן אגיטאציע געגען דער פארוואלטונג און דעם אפיס פון דעם א. ר. וואס פאר א צוטרוי קען מען האבען צו דער פארוואלטונג? וואס פאר א רעספעקט קען מען האבען צו אזא רעגירונג, וועמעס אייגענע אגענטען פירען אן געגען איר א קאמפיין און באשמוצען און פארלוימדען זיי ביי יעדער געלעגענהייט?

אט דער דעמאראליזירענדער גייסט איז א רעזולטאט פון דער טעטיגקייט פון יענע עלעמענטען, וועלכע רופען זיך אן רעוואלוציאנערען, וועלכע שרייען כלומר'שט וועגען א פאראייניגטען פראנט. זייער „אגיטאציע“ אין א. ר., פונקט ווי אין אנדערע ארבעטער קערפערשאפטען, פירט ניט צו איינינקייט, נאר צו דעמאראליזאציע, צו צוויסטיגקייטען און צו רייסערייען אין די אייגענע ארבעטער־רייען.

**דער ארבעטער־רינג קען ניט, וועט ניט, און טאר ניט זיין דער פלאץ פאר אזעלכע קאמפען,** וועלכע טראגען פון איין זייט אן ענג־פארטייאישען כאראקטער און פון דער אנדערער זייט קענען זיי פירען צו דער אפשוואכונג פון דער ארגאניזאציע. דער א. ר. איז געגאנגען און גייט אויף א נארמאלען וועג פון אנטוויקלונג און יעדע פראגרעסיווע און ראדיקאלע באוועגונג קריגט אן אפקלאנג אין אונזערע רייען. **און פון אט דעם שטאנדפונקט טאר ניט דערלאזט ווערען, אז דער א. ר. זאל זיין דאס שלאכטפעלד, וואו פארטיי־גרופען אויסערהאלב דעם א. ר. זאלען אויסקעמפען זייערע אמביציעס און פארטיי סכסוכים.**

קענען די זאגענאנטע פראטעסטאנטען אנצייגען אויף עפעס ממשות'דיגעס, אויף עפעס פרינציפיעלעס, וואס דער א. ר. וואלט ביים איצטיגען מאמענט יא געקענט איינפירען און פירט עס ניט איין? האבען זיי דורך דער גאנצער צייט, וואס זיי פירען אן זייערע אטאקעס, וואס זיי ווארפען שמוץ און בלבולים אויף די פארוואלטער און טוער פון א. ר., ארויסגעשטעלט אירגענד וועלכען קאנסטרוקטיווען פראגראם פון ארבעט? ניין! זיי האבען דאס ניט געטאן און זיי קענען דאס ניט טאן, ווייל דער א. ר. פירט אין לעבען כסדר דורך די צילען, וועלכע ער האט זיך געשטעלט, סיי אויף דעם געביט פון נעגענזייטיגער הילף, סיי אויף דעם געביט פון קולטורעלער און געזעלשאפטליכער טעטיגקייט. עס איז מעגליך, אז דא און דארט ווערען אמאל געמאכט פעלערען פון דער פארוואלטונג. עס איז איבערהויפט אוממעגליך, אז אן אדמיניסטראציע פון אירגענד וועלכער גרויסער קערפערשאפט זאל זיין פאלקאם. און זיכער קען ניט געמאלט זיין, אז אלע זאלען זיין צופרידען מיט די באשלוסען און האנדלונגען פון דער אדער יענער פארוואלטונג.

זאלען זיך די דאזיגע „רעוואלוציאנערען“ שטעלען די פראגע: צי דען איז די קאמוניסטישע פארטיי אין רוסלאנד טאקע אין גאנצען פאלקאם? צי דען ווערען אלע באשלוסען און האנדלונגען פון יענער פארטיי שטענדיג אנגענומען מעט איינשטימיג פון אלע מיטגלידער? צי דען איז די ווארקערס פארטי אין אמעריקע א מאדעל פון פאלקאמענהייט? צי זיינען דען ניט פאראן קיין אומצופרידענע אין אט די פארטייען? נו, וועט די קאמוניסטישע פארטיי אין רוסלאנד אדער די ווארקערס פארטי אין אמעריקע דערלויבען א גרופע מיטגלידער, וועלכע זיינען אומצופרידען מיט דעם אדער יענעם באשלוס, מיט דער אדער יענער האנדלונג פון דער פארטיי, צו רופען פראטעסט קאנווענשאנס? וועלען זיי דערלויבען, אז א גרופע אומצופרידענע מיטגלידער זאלען גרינדען באזונדערע „עקציאנס־קאמיטעס“ אין די רייען פון דער אייגענער ארגאניזאציע? געוויס ניט. ווען אזעלכעס זאל פאסירען אין יענע פארטייען, וואלטען אזעלכע גרופען דורך א „דעקרעט“ דערקלערט געווארען אלס שטערער און פארניכטער, און וואלטען פון דער פארטיי באזייטיגט געווארען. און דאס, וואס מען וועט זיך ניט דערלויבען צו טאן אין דער אייגענער פארטיי, האט מען די חוצפה צו טאן אין א. ר. ווארום? ווייל זיי ווייסען, אז יענע פארטייען הערשט דיסציפלין און זיי דענקען, אז אין א. ר. וועט מען אלץ טאלערירען.

פריינד פון ארבעטער־רינג, הפקרות מוז אויך האבען א גרעניץ! די נאציאנאלע עקזעקוטיווע קאמיטע, וועלכע האט די גרויסע אויפגאבע אויפצוהאלטען די גאנצקייט און איינהייט אין אונזערע רייען, זעט זיך געצוואונגען צו מאכען א ענד צו די הפקרות. מיר ווילען ניט קיינעם שרעקען, מיר ווילען ניט קיינעם סטראשען. מיר ווילען אבער זאגען, אז די עקזעקוטיוו קאמיטע וועט האנדלען אין די אינטערעסען פון אונזער ארגאניזאציע. און ווען עס וועט זיין נייטיג, וועט זי אננעמען די שריט, וועלכע די קאנסטיטוציע פון דעם א. ר. גיט איר, אום איין מאל פאר אלע מאל צו מאכען א סוף צו דעם הפקר צושטאנד, וואס איז לעצטענס געשאפען געווארען.

מען מעג קריטיקירען די פארוואלטונג, מען מעג פראטעסטירען געגען די באשלוסען, אבער אלץ אין די ראמען פון אנשטענדיגקייט, אין דער ארגאניזאציע גופא, און צווישען די מיטגלידער פון דער ארגאניזאציע. יעדע אדמיניסטראציע איז פארפליכטעט אויפצוהאלטען די דיסציפלין און זי וואלט פארראטען אירע אויפגאבען, ווען זי זאל דערלויבען אריינצוברענגען א כאאס אין אונזערע רייען, ווען זי זאל דערלאזען, אז באשלוסען פון מאיאריטעטען אין ברענטשעס זאלען געטראטען ווערען מיט די פיס, ווען זי זאל דערלויבען, אז די, וועלכע דארפען דורכפירען די שליחות פון דער עקזעקוטיווע, זאלען באהאלטענערהייט אדער עפענטליך אנפירען א קאמפיין געגען איר.

מיר זיינען זיכער, אז די ברייטע מיטגלידערשאפט פון א. ר. וועט באגרייפען און פארשטיין די לאגע פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע און אירע פליכטען און וועט איר העלפען אין דער גרויסער פילפאכיגער ארבעט, וועלכע עס שטייט איר פאר אין דעם קומענדיגען יאר. די עקזעקוטיוו קאמיטע האט פאר זיך נאר די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע און ניט קיין אנדערע אויסערליכע אינטערעסען. איר ארבעט איז א גרויסע און א פאראנטווארטליכע. די צייטען זיינען אומגעהייערע שלעכטע: מיטגלידער לאזען זיך שטרייכען, ווייל זיי קענען ניט צאלען זייערע בילס, און א קאמפיין פאר נייע מיטגלידער ווערט אנגעפירט. עס ווערט אויך אנגעפירט קאמפיינס פאר אידישער און רוסישער רעליף, און פאר דעם א. ר. האספיטאל אין רוסלאנד. דאס אלץ נעמט צו אונזער צייט אויף דעם אלעם מוזען מיר אוועקגעבען אונזער ענערגיע, און מיר קענען ניט פארשווענדען אונזער ענערגיע, און מיר קענען ניט פארשווענדען אונזער צייט אויף קריגערייען און פאלעמיק. מיר גרייטען זיך צו קאנסטרוקטיווער ארבעט, ווייל אויף דעם זיינען מיר ערוויילט געווארען. און די אלע, וועלכע ווילען אונז שטערען און ווילען אונז לייגען שטיינער אין וועג, וועלען מוזען נערופע

(שלוס אויף זייט 32)




# דאנק־רעזאלוציאנען

אויסהערענדיג דעם רעפארט פון דער אראנזש־
נט קאמיטע איז באשלאסען געווארען צו באַ־
נקען די קאמיטע פאר דער ארבעט וואס זיי
בען געטאן, אז דער באל וואס מיר האבען גע־
ט זאל זיין א סוקסעס. פאלגענדע זיינען די
מיטע: ד. גודמאן, י. פרידמאן, אב. סאנדבערג,
ט פינקעל, אונגער, זיראל, גאלדשטיין, הארן,
עלמאן, רזשייקאבסאן און מ. טונין.
א באזונדערען דאנק איז אויסגעדריקט גע־
ורען דורך א פרעזענט צו פר. גודמאן אלס
ערמאן פון דער קאמיטע און פר. פרידמאן אלס
ק.־טרעזש. פון דער קאמיטע.

לאוויטשער בר. 465 א. ר.

---

מיר דאנקען אונזער געוועזענעם פינ. סעק., פר.
עקס אלפעראוויטש, פאר זיין איבערגעבענהייט
ם ברענטש און פאר זיין ערליכער און גוטער
בעט אלס סעקרעטאר 8 יאר אין אונזער בר.
ר ווינשען אים פיל גליק אין זיין אונטערנעמונג
ן מיר האפען אז ער וועט זיין טעטיג אין בר.,
ביז איצט.

בר. 354 א. ר. ח. טאלמאטש, סעק.

---

מיר דאנקען דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמ.
ר שיקען אונז דעלעגאט פר. פלאקס אפצוגעבען
רעפארט פון דער 22־טער יערליכער קאנווענשאן
ן טאראנטא. אויך באדאנקען מיר פר. פלאקס
ר'ן אפגעבען דעם רעפארט. עס איז באשלאסען
וארען איינשטימיג גוטצוהייסען די האנדלונג
די דעלעגאטען צו דער 22־טער יערליכער קאנ־
נשאן. בר. 623 א. ר, פריינק ליוואי, סעק.

---

ביים מיטינג פון בארד און דירעקטארען פון
ר וויליאמסבורגער א. ר. עדיוקיישאנאל אלייענס
רט באשלאסען אויסצודריקען אין דעם נאמען
די וויליאמסבורגער א. ר. מיטגלידער אונזער
ע דאנקבארקייט צו אונזער פר. ס. באנדזעס
ר זיין גוטער דינסט אין אונזער עדיוקיישאנאל
ם. א דאנק אים זיינען די בילדונגס־אויפגאבען
ן דעם סעזאן דורכגעפירט געווארען מיט'ן בעס־
ן ערפאלג. די בארד און דירעקטארס
ב. וואלף, טשערמאן.

---

מיר באדאנקען די קרעפטען פון הארטפארד
אויך דעם מיטגליד פון דער נעשאנאל בארד
דירעקטארען, פר. סאקס, און אויך פר. טייגער
הארטפארד און די איבעריגע רעדנער, אויך
ראזען פון ווילעמענטיק, אויך די קרעפטען
נארוויטש, פר. דזשייקאבסאן און זברודער און
ועסטער, אויך פר. ברענען און פר. שיהע, פאר'ן
טיילינען זיך אין אונזער 15־יעריגען יארעס־
סט. מיר דאנקען אויך די קאמיטע, וואס האט
אנזשירט אלץ פאר דעם אווענט, ווי אויך פריינ־
פישקין און פריינדין סאמסאן. אויך די מיט־
דער האבען זיך אונטערגענומען צו בויען א
באר־לייסעאום פאר'ן ברענטש.

ל. סאמסאן, סעק., בר. 128 א. ר.

---

מיר באדאנקען אונזער דעלעגאט צו דער קאנ־
נשאן פאר זיין גלענצענדען באריכט און אר־
ט, און אויך א דאנק צו פר. ל. דינערשטיין פאר
ן באריכט. מיר זיינען איינשטימיג מיט די
שלוסען פון דער קאנווענשאן.

בר. 229 י. העין, סעק.

---

מיר געפינען זיך דא אין דענווער ביי א 80 מיטגלידער פון א. ר. די מערסטע מיטגלידער האבען שוין דעם גאנצען בענעפיט אפגענומען. זייענדיג אין דענווער, ווענדען זיי זיך געוויינליך צום ברענטש 450 נאך הילף. צום באדויערען קריגט דער ברענטש 450 פון דער קאנווענשאן אין גאנצען $1000 א יאר. א סך קראנקע מיטגלידער, זייענדיג דא א שטיק צייט, ווערען ערגער אין געזונט און די דאקטוירים אין סאניטאריום ראטען זיי צו פארען אין לאס אנדזשעלעס, אדער צוריק אין דער איסט און דער ברענטש דא מוז זיי געבען הילף. דער ברענטש האט אליין עטליכע קראנקע מיטגלי־דער און שטיצט זיי איבער די כחות. די מערסטע מיטגלידער דא זיינען ארבעטער און ארבעטען שווער צו מאכען א לעבען פאר זייערע פאמיליעס, און ווען עס קומט זונטאג אין דער פרי, אנשטאט זיי זאלען פארברענגען מיט זייערע פאמיליעס אין דער היים, לויפען זיי ארום אין די פארשידענע סאניטאריומס און העלפען די קראנקע מיט ראט און שטיצע. זיי גיבען צו די נויטבאדערפטיגע 3 דאל. א מאנאט. פארגעסט ניט, אין דער איצ־טיגער צייט איז א דאלער א וואך זייער ווייניג פאר א קראנקען מיטגליד און מיר דענקען אז די מיטגלידער פון א. ר. וואלטען זיך באדארפט אבי־סעל אריינטראכטען אין דער פראגע. מיר, די קראנקע מיטגלידער, קאנען מער פון דעם בר. 450 נישט פארלאנגען, ווייל זיי טוען פאר אונז איבער זייערע כחות. ספּעציעל זיינען מיר דאנקבאר די קאמיטע, וואס קומט אונז באזוכען יעדען זונטאג. זיי טוען דאס בעסטע פאר אונז. און דאס זיינען די פריינט זאיעץ, טוכמאן און גודמאן. אנשטאט זיי זאלען פארברענגען אין דער היים, פארברענגען זיי דא מיט אונז. אין נאמען פון אלע קראנקע מיטגלידער פון דענווער סאניטאריום.

די קאמיטע.

---

איך דאנק פון טיפסטען הארצען דעם מעדיקאל דעפט. פאר זיין צושטעלען מיר דר. גיוהאוף, ניט זייענדיג אליין קיין מיטגליד פון א בר. וואס באַ־לאנגט צום מעדיקאל דעפט. אין 5 מאנאטען צייט קורירונג — האט ער מיר אויסגעהיילט פון א שווערער קראנקהייט. א הערצליכען דאנק אויך דעם דאקטאר וואס האט פאר אים זייער פיל געטאן.

איך דאנק אויך דעם בר. 277 פאר דער שטיצע, וואס ער הא מיר די גאנצע צייט געגעבען, ווי אויך דעם האספיטעלער, פר. ל. פאבינער, פאר זיין גינציגקייט און איבערגעבענקייט.

איזידאר פרידמאן, בר. 277.

---

ביי אונזער ספּעציעלען מיטינג פון לינקאלן ענגליש שפּרעכענדען ברענטש 650 א. ר. איז באַ־שלאסען געווארען צו באדאנקען אונזער געוועזע־נעם טשערמאן, פר. פרידמאן, פאר זיין גוטער אר־בעט אלס טשערמאן, ווי אויך אלס אקטיווער מיט־גליד זייט דער ברענטש עקזיסטירט.

רעז סאמ. מ. ברעכער, סעק.

---

מיר באדאנקען הארציג פר. לאנגער פאר זיין רעפארט פון דער קאנווענשאן און מיר ערקלערען זיך איינפארשטאנען מיט יעדער האנדלונג פון קאנווענשאן.

מאקס טייכער, ל. אייזנער, רעז. סאמ. בר. 528.

---

ביים לעצטען מיטינג פון בר. 38 איז אויסגע־הערט געווארען דער באריכט פון טעאטער־אונ־טערנעמונג פאר אונזערען א קראנקען פריינד, וועלכער האט אריינגעבראכט רייגעם פראפיט 750 דאלער. ניט שיקענדיג קיין טיקעטס צו קיין ברענ־טשעס אדער סאסייעטיס, איז באשלאסען געווארען אויסצודריקען א דאנק צו דער קאמיטע און צו די פריינט פון דעם קראנקען פריינד, ווי אויך צו דער רייגקאוט מייקערס יוניאן, וואס האבען אונז געהאלפען מאכען דעם טעאטער־אונטערנעמונג פאר אן ערפאלג. בר. 38 א. ר. ס. יעלין, סעק

---

מיר באדויערען זייער שטארק דאס אפפארען פון אונזער פר. בעני הורוויץ. מיר פארלירען אין אים ניט נאר א גוטען פינאנס סעק., נאר אויך אן איבערגעבענעם חבר און אונטערטעניגען פר. אונזער טרייסט איז, אז פר. הורוויץ וועט זיין ווידער טעטיג אין די רייען פון א. ר. און מיר ווינשען אים גליק און ערפאלג אין זיינע אונער־נעמונגען.

בר. 228 א. ר., בירמינגהאם.
רעז. קאמ., איסאק ליפשיץ און א. אייזענשטיין.

---

מיר, דער ווארשעווער ארבעטער־רעליף פון אלע ווארשעווער א. ר. ברענטשעס אין ניו־יארק, דריקען אויס אונזער הארציגען, חבר'שען דאנק דעם חבר קלמן פרידמאן פאר זיין ערליכער, אי־בערגעגעבענער ארבעט פאר'ן ארבעטער־רעליף. מיר האפען אז ער וועט ווייטער, ווי ביז איצט, ארבעטען פאר'ן רעליף דא אין לאנד, צו לינדערען די נויט וואס איז אזוי גרוים אין אונזער אלטער היים — ווארשא. מיר שיקען גלייך ארוים 200 דאלער פאר די ארבעטער־שולען „אונזערע קינדער" אין ווארשא.

ווארשעווער ארבעטער־רעליף.
ל. זינדערמאן טשערמאן; ס. וואהל, רעק. סעק.

---

די דעטראיטער דיסט. קאמ. באדאנקט הערציך די ברענטשעס, וועלכע האבען זיך אפגערופען אויף דעם אפיל, און מיט פרייד לאזען מיר וויסען די אלע וואס האבען בייגעטראגען פאר דעם לייבאר־לייסעאום, אז דער לייבאר־לייסעאום אין דעטראיט איז געראטעוועט געווארען אין דעם קריטישען מאַ־מענט פון פארפרעמדט ווערען. מיר ווילען ניט מאכען קיין פארווארפען קיינעם, אבער עס איז זייער פארדריסליך וואס בלויז אזא קליינע צאל ברענטשעס האבען זיך אפגערופען.

בר. 443, לאס אנדזשעלעס, קאל., $10. בר. 470, רענ., קאל., $7. צו $5: בר. 478, 306, 284, 102, 22, 252, בר. פון מעמפיס, בר פון לינן, מאסס., און בר. 23, נוארק. צו $3: בר. 178, 292 און 154. צו $2: בר. 320, 131, בר פון בירמינגהאם, בר. 239, 174, סיטי ארג. קאמ. פון בראקטאן, בר. 125, 99, 20, 5, 314, 173, 631, 571, 32 און 83: בר. 305: $1.50. בר. 207: 1.48. בר. 415: $1.25. צו 1 דאלער: בר. 500, 165, 716, 140, 188, 239, 78, 21, 225, א ברענטש פון פראווידענס, בר. 106, 148, 534, 591, 370, בר. פון פאקיפסי, בר. 496, 109, 279, 52, 114, 512, 94, 600, 136, 24, 483, 655, 505, 256, 723, 530, 389, 556 און 617. צו 50 סענט: בר. 186, 353 און 576. פון הערי סאראם דורך א קאלעקשאן אין לאס־אנדזשעלעס $12.50. צוזאמען $156.23.

דעטראיט דיסט. ארג. קאמ. א. ר.
רזש. בערנשטיין, סעק.

# אן ערקלערונג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר.

(שלוס פון זייט 30)

ווערען צו פאראנטווארטליכקייט פאר זייערע טאטען.

מיר האבען געפונען פארנייטיג צו מאכען אט די ערקלערונג כדי אונזערע מיטגלידער זאלען וויסען קלאר און דייטליך אונזער שטעלונג צו די פראגען, וועלכע זיינען לעצטענס ארויסגערופען געווארען. מיר ווילען, אז די ברייטע מיטגלידערשאפט, אזוי גוט ווי די איינצעלנע ברענטשעס און סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, זאלען וויסען, אז אלע אונזערע פארהאנדלונגען מוזען געפירט ווערען אין די ראמען פון דער קאנסטיטוציע פון א. ר. הפקרות, אבער, וועלען ניט געדולדעט ווערען און פארלוימדער און שמוץ־ווארפער וועלען געהאלטען ווערען פאראנטווארטליך פאר אלע זייערע פאלשע סטייטמענטס און באהויפטונגען.

דער ציל פון אט דער ערקלערונג אז ניט פאלעמיזירען מיט דעם אדער יענעם, נאר צו מאכען קלאר אונזער באציאונג צו די לעצטע פאסירונגען. מיר האפען, אז די ברייטע מיטגלידערשאפט וועט די דאזיגע ערקלערונג אננעמען אין דעם זין, און מיט דער זעלבער אויפריכטיגקייט, אין וועלכער זי איז געשריבען.

מיר רופען אלע מיטגלידער צו העלפען דער עקזעקוטיוו קאמיטע אין איר ווייטערדיגער ארבעט, זען ניט צו פארנאכלעסיגען זייערע פליכטען אלס מיטגלידער, קומען צו די מיטינגען, און טאן אלץ וואס ס'איז נאר מעגליך אנצוהאלטען די גאנצקייט און שיינקייט פון אונזער א. ר.

נאצ. עקזעקוטיוו קאמ. טע פון ארבעטער־רינג.

---

# די לינקע שיקען דעלעגאטען מיט פאלשע קרעדענשעלס

ביי אן אלגעמיינעם מיטינג פון בר. 434 א. ר., אפגעהאלטען געווארען זונטאג דעם 28־טען מאי, האט מען פארהאנדעלט דעם צושריפט פון די לינקע אין א. ר., צו זאל דער בר. שיקען דעלעגאטען צו דער פראטעסט קאנווענשאן. דער לינקער עלעמענט, זעענדיג אז זיי קאנען ניט דורכפירען דעם „ספעקטאקעל" פון ערוויילען דעלעגאטען אויף א געזעצליכען וועג, ווייל דער גרעסטער טייל מיטגלידער זיינען געווען געגען זיי, האבען זיך באנוצט מיט די זעלבע מעטאדען, וואס זיי נוצען איבער'ן גאנצען לאנד, נעמליך, טעראריזירען מיטינגען און שרעקענדיג יעדען, וועלכער איז מיט זיי ניט איינפארשטאנען.

נאכדעם ווי עס איז זיי געלונגען צו פארטרייבען דעם גרעסטען טייל מיטגלידער פון מיטינג, און דער געזעצליך ערוויילטער טשערמאן האט געשלאסען דעם מיטינג — האבען זיי צוריק געעפענט דעם מיטינג, און ניט קוקענדיג אויף די פראטעסטען פון א טייל מיטגלידער, אז דער מיטינג איז ניט געזעצליך, אז צו ערוויילען דעלעגאטען מוז מען רופען א ספעשעל מיטינג, האבען זיי ערוויילט דעלעגאטען.

די עקזעקוטיוו קאמיטע פון בר., וועלכע האט געמיטעט דאנערשטאג דעם 31־טען מאי, ערהאלטענדיג א פראטעסט פון א גרויסער צאל מיטגלידער פון בר., האט אינסטרואירט דעם סעקרעטער קיין קרעדענשעלס ניט צו געבען און רופען א ספעשעל מיטינג.

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז דער פעק. נאכדעם ווי ער האט געמאכט א סטייטמענט ביי דעם מיטינג פון דער עקזעקוטיוו, אז ער האט געזען ווי פרעמדע פערזאנען האבען זיך באטייליגט אין שטימען, האט דאך געגעבען קרעדענשעלס צו די דעלעגאטען, ערקלערען מיר, אז ער האט געהאנדעלט ניט פאראנטווארטליך און ניט אין נאמען פון בר. מיר פראטעסטירען און פארדאמען די עטליכע צעשטערער, וועלכע האבען מיט געוואלד ערוויילט דעלעגאטען.

עקזעקוטיוו קאמיטע פון בר. 434 א. ר.

א. פרידמאן, טשערמאן פון מיטינג.
ל. גראדזינסקי, רעס. סעק. ח. שער, י. מילער, א. לייבענסאן, ם. אלטשולער, האספיטלער.

---

# ערקלערונג

מיר, די מיטגלידער פון בר. 219 א. ר., וועסט טאראנטא, זעענדיג אין דער „פרייהייט" פון שבת דעם 3־טען יוני אין דעם קאלום פון די פראטעסטירענדע ברענטשעס, אז אונזער בר. 219 איז אויך אריינגערעכענט צווישען זיי, און נאך אז מיר שיקען צוויי דעלעגאטען צו דער פראטעסט קאנווענשאן פון א. ר., ערקלערען מיר, אז קיינער פון אונזערע מיטגלידער האבען אבסאלוט ניט געוואוסט פון אזא באשלוס.

די עקזעקוטיוו פון בר. 219, באוואוסטזיניג אז זיי האבען קיין רעכט דאס צו טאן, איז אזא רעזאלוציע געשיקט געווארען צו דער „פרייהייט" אן דער צושטימונג פון די מיטגלידער. מיר לייקענען אבער קאטעגאריש אפ, אז די עקזעקוטיוו האט ווען דערמאנט אין דער רעזאלוציע, אז צוויי דעלעגאטען וועלען געשיקט ווערען. אויב די "פרייהייט" באנוצט זיך מיט אזעלכע מעטאדען, איז זי ווילקאמען דערצו.

א. אבראמאוויטש, ב. בארענשטיין, מ. ביזנאלד.

---

# צו אלע ברענטשעס און מיטגלידער פון ארב. רינג

אזוי ווי עס ווייזט אוים, איז דער א. ר. פארוואנדעלט געווארען אין א פאליטישען קלייזעל, וואו עס איז נייטיג צו כאפען שטימען.

בר. 745 האט אויסגעקליבען אלס דעלעגאט פ. ב. קרינסקי צו דער פאר־קאנפערענץ אין ניו־יארק. אליין האט ער פארטראטען א צווייטען בר. אזוי ווי ער איז א מיטגליד פון דער נאצ. עקזעקוטיוו, האט ער גענומען אונזער קרעדענשעל און איבערגעגעבען א צווייטען צום פארטרעטען, אן דעם וויסען פון אונזער ברענטש.

שטעלט זיך דא די פראגע: איז פר. ב. קרינסקי א רעכטער אדער א לינקער? עס איז שוין צייט, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל געבען אן ערקלערונג אין דער עפענטליכקייט טאקע אין „פריינד".

עס איז די פליכט פון יעדען מיטגליד אין בר. אכטונג צו געבען אז אזעלכעס זאל מער ניט פאסירען, ווייל דער א. ר. איז ניט קיין פאליטישע קלייזעל.

פרעס קאמ. בר. 745 א. ר., האליאק, מאסס.
רזשייקאב סיגעל, בענדזשאמין גארבער.

רעדאקצ. באמערקונג:

די נאצ. עקזעקוטיוו קאם. וועט אויף דעם ענטפערען אין דעם סעפטעמבער נומער "פריינד". דער נומער גייט צום פרעס פאר דער זיצונג.

---

# באריכט פון פיטסבורגער דיסטריקט קאנפערענץ פון א. ר.

דער פיטסבורגער דיסטריקט קאנפערענץ איז אפגעהאלטען געווארען זונטאג דעם 18טען דזשון, אין דזשאנסטאון, פא. פר. דזש. בארים ווערט ערוויילט אלס טשערמאן און פר. דזש. טווינג אלס סעקר. אלע דעלעגאטען שטעלען זיך אויף צום אנדענקען פון ס. קרימסקי, פון בר. 394, וועלכער איז געשטארבען דורך אן עקסידענט. 20 דעלעגאטען פון 13 ברענטשעס זיינען פארטראטען ביי דעם קאנפערענץ. דער דיסטריקט סעקרעטער, פר. דזש. וויסבערג, גיט אפ א שיינעם רעפארט פון דער טעטיגקייט פון דער דיסטריקט קאמיטע פאר די לעצטע 3 מאנאטען. ער שטעל זיך אפ איבער דער ניט־פינקטליכקייט פון ברענטש־סעקרעטארען און איבער דער שטרייך־מגפה, וועלכע הערשט ספעציעל אין די גרעסערע ברענטשעס. אום צו פארמיידען פארשידענע טראבעל, רעקאמענדירט ער די ברענטש סעקרעטארען צו שיקען יעדען יאר זייערע ביכער צום דזשענעראל אפיס פאר אן אונטערזוכונג. פר. וויסבערג באריכטעט, אז די דיסט. קאם. האט געהאלפען ד יקאנטרי־ברענטשעס דורכצופירען פארשידענע אונטערנעמונגען. בר. 161, מאנהעטען, וועלכער איז א קליינער ברענטש, ווערט פון אים שטארק געלויבט פאר אויפהאלטען אן א. ר. שולע. פר. וויסבערג באריכטעט, אז אין דער פראגע פון דער זאגענאנטער ספעשעל קאנווענשאן האבען אלע ברענטשעס פון דעם דיסטריקט געהאנדעלט אין די ראמען פון די אינטערעסען פון א. ר. און קיין דעלעגאטען זיינען ניט געשיקט געווארען. א פארשלאג צו באדאנקען פר. וויסבערג פאר זיין גוטער ארבעט ווערט אנגענומען איינשטימיג. די דעלעגאטען באריכטען פון זייערע ברענטשעס. אלע האבען געטאן גוטע ארבעט. זיי האבען געשטיצט אלעמען און פאר אלץ. אויסגעצייכענט זיך אין שטיצע האט בר. 416, ווחילינג, וועלכער באשטייט פון ארום 20 מיטגלידער. זיי האבען געשטיצט אין די לעצטע 3 מאנאטען מיט $300 דעם רעליף, געזאמעלט ביכער פאר רוסלאנד, געשטיצט די האיאס, דעם געצייגקאמפיין און יעדען איינעם וואס האט זיך נאר געווענדט צו זיי. א רעפארט פון דער א. ר. קא[...] ווענישאן ווערט אפגעגעבען פון פר. ם. לעווין, ד[...] לעגאט צו דער א. ר. קאנווענשאן. נאך א לענ[...] גערער דיסקוסיע ווערט באשלאסען גוטצוהייס[...] זיין האנדלונג און אויך די האנדלונג פון דע[...] קאנווענשאן און אז מיר שטימען איין מיט אל[...] זייערע באשלוסען. די פאלגענדע 4 מיטגלידער ווערען צוגעזעצט צום סעקרעטער אלס עקזעקוטיווע: דזש. טווינג, מים א. געלבמאן, ם. דזשענקינ[...] ס. טעקסי.

רעזאלוציעס וועגען אמאלגאמייטער קאמפ[...] פאר סאוויעט רוסלאנד און פאר דעם געצייג־קאנ[...] פיין ווערען פארגעלעזען. באשלאסען אנצוגעמ[...] און ארבעטען מיט אלע קרעפטען צו מאכען [...] קאמפיינס אן ערפאלג. באשלאסען אז די עקזעקוטיווע זאל באשטימען דעם פלאץ וואו די נע[...] סטע קאנפערענץ זאל געהאלטען ווערען. באשל[...] סען צו דאנקען דער אראנזשמענט קאמיטע פ[...] דעם דזשאנסטאנער ברענטש פאר דער שיינע[...] אראנזשמענט.

פאלגענדע ברענטשעס זיינען געווען פארטראט[...] דורך די פאלגענדע דעלעגאטען:

בר. 45 דורך דזש. אלבערט, ב. סינעל, ס. געל[...] מאן, דזש. טווינג, מ. דזשענקין, ס. אשר און דזש[...] וויסבערג; בר. 104, דורך מרס. ד. געלבמאן; בר. 250, דורך ס. טעקסי; בר. 394, דזשאנסטא[...] פא., דורך האראף און קאסמאן; בר. 161, מאנ[...] סען, פא., דורך א. ראזין; בר. 488 ניו־קענזינ[...] טאן פא., דורך וו. ערעלמאן; בר. 431, אים[...] פיטסבורג, פא., דורך דזש. סינעל; בר. 42[...] דזשענעט, פא., דורך ל. לעווין; בר. 158, אלט[...] נא, פא., דורך סטילערמאן; בר. 674, מקיספאר[...] דורך ה. ווארשאפסקי; בר. 416, ווהילינג, וו. וו[...] דורך עדעלמאן; בר. 662 האמסטעד, פא., דור[...] ם. לעווין, און בר. 296, סטובענוויל, אהייא, דור[...] ל. מילער.

דזש טווינג, סעק.

---

# שליסען די קאסע

מיר געפינען זיך איצט אין א פינאנציעל־ג[...] דריקטער לאגע. מיר בעטען דעריבער די ב[...] טשעס, אז זיי זאלען זיך איצט צו אונז ני[...] ווענדען נאך שטיצע.

מארים־קאפלאן, סעקר. בר. 259.

---

# בריף־קאסטען

**זאב גאלד:** אלץ ניט געלונגען. מיר ק[...] נען ניט דרוקען.

**בן־צפור:** א פייגעלע איז פונקט א[...] פראזאאישע בריאה ווי א מענטש. מיט דע[...] וואס מ'שרייבט אויף דאס ווארט פערפיו[...] אויפ'ן פאפיר ווערט נאך אסור דערפון שמ[...] קעדיגער אין צימער.

**א. קאפער, בראנזוויל:** מיר ווייסען צ[...] פון אזא דאקטאר. איבערהויפט גלויבען מ[...] ניט אין קיין נסים.

**נ. סילווערמאן:** א רעדאקטאר איז ג[...] מחויב צו זיין איינשטימיג מיט אלץ, וו[...] עס ווערט געדרוקט אונטער זיין רעדאקציע.

**פ. אייזמאן:** מיר דרוקען נאר טרויע[...] רעזאלוציעס איין מאל אין צוויי מאנאטען.

**אלפרעד ש־ל, דעטראיט:** עס איז ני[...] קיין ליד, ליבער פריינד, טו צו וואס שרייב[...] גלאט אין גראמען? מיט דעם פירט איר נא[...] איבער די געדאנקען, וואס זיינען אין אלג[...] מיין ריכטיג.

**ה. קאבליק, סאן־פראנציסקא:** מיר קענ[...] לוידער ניט דרוקען קיין פראטאקאלען פו[...] זיצונגען פון דער דיסטריקט קאמ. [...]פולן [...] גרעסטע סיטי אלג. קאמ., ווי די ניו־יארק[...] וואס פירט אן איר ארבעט אין איבער [...] ברענטשעס פון א. ר., קען זיך לוידער אז[...] לוקסוס ניט פארגינען. אויב איר וועט א[...] נעמען וויכטיגע באשלוסען, לאזט אונז וויס[...] און מיר וועלען זיי מיט פארגעניגען דרוק[...] מיר באנוצען זיך מיט אייער פראטאקאל פ[...] אונזער נייעס־אפטיילונג.




## אינהאלט.



THE FRIEND
Official Organ of the Workmen's Circle
SEPTEMBER, 1922

דער פריינד
אָפיציעלער אָרגאַן פון אַרבעטער־רינג
סעפּטעמבער, 1922

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
331 Pennington Ave., Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# THE FRIEND  דער פריינד

VOL. XIII. SEPTEMBER, 1922 No. 9


# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**דער טעראָר פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע**

ווען אַ גאָט וואָלט ניט עקזיסטירט אין די הימלען, וואָלט מען אים ספּעציעל דאַרפען ערפינדען, אום אים צו פאַרניכטען. אונזערע „לינקע“ פריינד אין דעם אַ. ר. שטרענגען אָן אַלע זייערע קרעפטען, אום צו ערפינדען טעראָר און שרעקען, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען פון דער עקזעקוטיווע פון דעם אַ. ר. געגען די מיטגלידער און פּרובירען צו צייגען דער ברייטער מיטגלידערשאַפט ווי אַזוי די עקזעקוטיווע האַלט אין „טעראָריזירען“ די לינקע עלעמענטען פון דעם אַ. ר., און שטרענגען זיך אָן דורך אָט דער ערפינדונג צו פאַרניכטען די גאַנצע פאַרוואַלטונג. אָבער, צו זייער אומגליק, איז זייער ערפינדונגס־קראַפט אַזאַ ביליגע, אַז זי קען ניט ברענגען די נייטיגע עפעקטען, וואָס זיי ערוואַרטען. און קיין עפעקטען קען דאָס ניט ברענגען, ווייל יעדער איינער, וועמעס מאַרך איז נאָך ניט אויסגעטריקענט, ווער עס האָט נאָר אויגען צו זען און אויערען צו הערען, וועט גלייך באַגרייפען, אַז זייער גאַנצער געפילדער וועגען אָט דעם „טעראָר“ איז אַזוי ווערטלאָז, ווי אַלע זייערע פריערדיגע און וואַרשיינליך צוקונפטיגע באַשולדיגונגען געגען דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג.

די נאַצ. עקזעקוטיווע האָט געמאַכט איניגע מיטגלידער פאַר מעמבערס עט לאַרדזש און אין קליוולאַנד האָט זי באַשלאָסען אַ ברענטש אינגאַנצען צו צעטיילען. אַזעלכע פּאַסירונגען זיינען פאָרגעקומען אין דעם אַ. ר. גאַנץ אָפט. און דער פאַקט, אַז די שאַפער פון דער אַ. ר. קאָנסטיטוציע האָבען אַריינגעשטעלט אַ פונקט, וואָס גיט דער עקזעקוטיווע דאָס רעכט צו טראַנספערירען איינעם פאַר אַ מעמבער עט לאַרדזש, צייגט קלאָר און דייטליך, אַז עס זיינען אימער געווען אַזעלכע אינצידענטען, וואו דער איינציגער, דער יחיד, איז געווען אַ שטערונג פאַר דעם נאָרמאַלען גאַנג אין דעם לעבען פון דעם ברענטש, און אום איינצושטעלען האַרמאָניע אין ברענטש, האָט די קאָנסטיטוציע געגעבען דער עקזעקוטיווע דאָס רעכט אַזעלכע איינצעלנע אַרויסצונעמען אינגאַנצען פון ברענטש און מאַכען זיי פאַר מעמבערס עט לאַרדזש — אויף אימער, אָדער אויף אַ באַשטימטער צייט. די זעלבע פּאַסירונג האָט זיך ווידערהאָלט אויך דעם יאָר, און פאַרשטייט זיך, אַז די „לינקע“ האָבען זיך אין דעם אָנגעכאַפּט ווי אין אַ טייערער מציאה, כדי אויסצונוצען דאָס אַלס אַ קאַמפּס־מיטעל געגען דער פאַרוואַלטונג.

די נאַצ. עקזעקוטיווע האָט טראַנספערירט פאַר מעמבערס עט לאַרדזש צוויי מיטגלידער פון אַ געוויסען ברענטש, ווייל די צוויי זיינען געווען די הויפּט־אורזאַך, וואָס אין ברענטש איז געשאַפען געוואָרען אַן אַנאַרכיע און אַ רעגעלער „טעראָר“ פון אַ מינאָריטעט געגען דער מאַיאָריטעט. די מאַיאָריטעט פון בר., ביי אַ געזעצליכען מיטינג, האָט באַשלאָסען ניט צו שיקען קיין דעלעגאַטען צו דער זאָגענאַנטער פּראָטעסט־קאָנווענשאָן, איז געקומען די מינאָריטעט מיט די צוויי אָן דער שפּיץ און האָבען צוריק גענעפענט דעם מיטינג, אין דער צייט ווען דער מיטינג איז שוין געווען געשלאָסען און מען האָט ערוויילט דעלעגאַטען צו דער פּראָטעסט־קאָנווענשאָן. עס פאַרשטייט זיך, אַז די נאַצ. עקזעקוטיווע, וואָס דאַרף אויפּפּאַסען אויף דעם נאָרמאַלען גאַנג פון די ברענטשעס און אַכטונג געבען, אַז די געזעצליכע באַשלוסען פון ברענטשעס זאָלען בלייבען אין קראַפט, וועט ניט ערלויבען אָט דעם ווירקליכען „טעראָר“, וואָס די מינאָריטעטען ווילען שאַפען אין אונזערע ברענטשעס, כדי אַרויפצוצווינגען זייער ווילען אויף די מאַיאָריטעטען. די נאַצ. עקזעקוטיווע האָט טראַנספערירט איינעם אַ מיטגליד פון אַ געוויסען ברענטש פאַר אַ מעמבער עט לאַרדזש, ניט ווייל ער איז אַ רעכטער, און ניט ווייל ער איז אַ לינקער, נאָר איינפאַך, ווייל זיין אויפפירונג אין ברענטש איז געווען אַזאַ, וועלכע קיין אָרגאַניזאַציע וואָלט ניט געדולדעט. אַ מענטש, וועלכער האָט ניט קיין אַרגומענטען און כאַפּט זיך נאָר צו געבען ביי יעדער געלעגענהייט אַרגומענטען מיט קלעפּ, אַזאַ מיטגליד, זאָגען מיר, איז ניט פּאַסענד צו זיין אין קיין אָרגאַניזאַציע, און ער איז באַזייטיגט געוואָרען פון ברענטש. איז דאָס טעראָר? אויב דאָס איז טעראָר — דאַן איז די עקזעקוטיווע גרייט צו נעמען אויף זיך די פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אירע טאַטען.

און אין קליוולאַנד? — וואָס האָט דאָרטען פּאַסירט? — עס איז געוועזען אין קליוולאַנד אַן אַלטער אַרבעטס־פּאַיאָנער ברענטש — בר. 79. די פריערדיגע רעקאָרדס פון דעם ברענטש זיינען געווען גלענצענדע. זיין טעטיגקייט איז אימער געווען אַ פרוכטבאַרע. אָבער זינט עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט די מגפה פון „לינקיזם“, איז דער גאַנצער ברענטש פאַראַליזירט געוואָרען. קיין מיטינג פלעגט ניט פאָרקומען אָן סקאַנדאַלען, און פּאָליציי פלעגען מוזען קומען סעטלען די סכסוכים. די עלטערע מיטגלידער זיינען זיך איינפאַך צעלאָפען און זיינען געווען גרייט אינגאַנצען צו פאַרלאָזען דעם אַ. ר., ווען די עקזעקוטיווע וואָלט ניט גענומען מיטלען איינצופירען אָרדענונג אין ברענטש. און וואָס האָט די עקזעקוטיווע געטאָן? דריי מיטגלידער זיינען טראַנספערירט געוואָרען פאַר מעמבערס עט לאַרדזש. איינער פון די דריי איז געווען דער, וואָס האָט זיך גענומען די רעכט צו דיקטירען צו די מיטגלידער די פּאָליסים פון ברענטש. ער איז געווען דער, וועלכער פלעגט שיקען בריוולאַך צו יעדען מיטגליד און האַלטען אין איין שימפען און שמוצען די פאַרוואַלטונג פון דעם אַ. ר., אָנרופענדיג זיי מיט די נעמען: „פאַרקויפטע נשמות“, „שוואַרצע מאַשין“, און נאָך אַזעלכע שיינע נעמען. די אַנדערע צוויי זיינען אויך געווען פון דעם זעלבען סאָרט, וועלכע פלעגען אימער אין ברענטש זיין די אָנפירער פון די אַטאַקעס און פאַרלוימדונגען געגען דער פאַרוואַלטונג. (איינער פון זיי איז זאָגאַר נאָך קיין 4 מאָנאַטען און דער אַנדערער קוים 6 מאָנאַטען מיטגלידער אין דעם אַ. ר., און זיי ווילען דאָס „רייניגען“ דעם אַ. ר. פון „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען“.)

די עקזעקוטיווע האָט געפילט איר פליכט צו מאַכען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף צו דעם כאַאָטישען צושטאַנד אין ברענטש און האָט אָט די דריי טראַנספערירט פאַר מעמבערס עט לאַרדזש. וואָס אַנבאַלאַנגט די איבעריגע עטליכע און דרייסיג, וואָס קענען אין קיין פראַגע ניט איינשטימען מיט דער גרויסער מאַיאָריטעט פון ברענטש, האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסען זיי אָפּצוטיילען אינגאַנצען און געבען זיי אַ באַזונדערן ברענטש און דאַן וועלען [illegible]ענען אָנפירען די ביזנעס, ווי זיי פאַר־

שטייען אויף זייער שטייגער. אנשטאט צו האבן שטענדיגע קריגערייען און רייסערייען פון די פארשידענע עלעמענטען, איז בעסער, אז זיי זאלען זיך אינגאנצען צעשיידען. וואו ליגט דא דער טעראר? איז וואס באשטייט דא די פארגוואלדיגונג, וואס די עקזעקוטיווע האט באגאנגען געגען דער מיטגלידערשאפט? אויב טעראר איז דא אין דעם א. ר., ווערט דאס דוקא פראקטיצירט פון די לינקע עלעמענטען, וועלכע זיינען אן אומבאדייטענדע מינאריטעט אין די ברענטשעס און זיי ווילען דיקטירען זייער ווילען און זייער פאליסי, וועלכע האט גארניט צו טאן מיט דעם א. ר. צו די מאיאריטעטען אין אונזערע ברענטשעס. די פליכט פון דער עקזעקוטיווע איז ניט צו דערלאזען אט דעם טעראר, און זי טוט דאס, וואס די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע פאדערען פון איר, ניט שרעקענדיג זיך פאר די אלע פארלוימדונגען און אטאקעס, וואס זיינען און וועלען געמאכט ווערען געגען איר. דער א. ר. איז גרויס און שטארק געווארען, א דאנק דער דיסציפלין אין אונזערע רייען, און א דאנק דער טרייהייט און אויפריכטיגקייט פון אונזער מיטגלידערשאפט. די עקזעקוטיווע וועט זען און אכטונג געבען, אז די דיסציפלין זאל אפגעהיט ווערען און ניט ערלויבען פערזאנען אדער גרופען, וועלכע האבען אין זינען גאנץ אנדערע צוועקען און אינטערעסען, אז זיי זאלען ארויפצווינגען זייערע פאליסים אויף אונזער מיטגלידערשאפט.

עס איז כדאי צו באמערקען אויף ווי ווייט דער „טעראר“ פון דער עקזעקוטיווע גייט אין דעם פאקט פון ספרינגפילד. ווען א מינאריטעט פון די זאגענאנטע רעכטע זיינען געקומען צו דער עקזעקוטיווע און האבען פארלאנגט מען זאל זיי געבען א באזונדערען ברענטש, ווייל זיי קענען ניט איינשטימען מיט דער מאיאריטעט, האט די עקזעקוטיווע זיי געענטפערט, אז א מינאריטעט מוז זיך אונטערווארפען די באשלוסען פון דער מאיאריטעט אויף ווי פיל די באשלוסען זיינען אין די ראמען פון די געזעצען פון דעם א. ר. און עס איז ניטא קיין אורזאך זיי צו געבען א באזונדערען ברענטש. ווען זיי האבען זיך באקלאגט, אז די מאיאריטעט טעראריזירט זיי, האבען מיר זיי געענטפערט, אז א מאיאריטעט טעראריזירט ניט, א מאיאריטעט באשלוסען מוזען רעספעקירט ווערען. נאכדעם ווי א פעטיציע פון 70־80 מיגלידער האט געפאדערט א נייעם ברענטש, האט די עקזעקוטיווע זיי באשלאסען באוויליגען א נייעם ברענטש אונטער איין באדינגונג — זיי זאלען גרינדען א נייעם ברענטש מיט נייע 25 מיטגלידער, לויט דער קאנסטיטוציע פון דעם א. ר., און דאן וועט די עקזעקוטיווע געבען טראנספערס צום ברענטש, צו די וועלכע וועלען דאס פארלאנגען. אין אלע פאלען האט די עקזעקוטיווע געהאנדעלט לויט דעם וואונש און פארלאנג פון די מאיאריטעטען פון די ברענטשעס און געהאנדעלט אין די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע און ניט אין די אינטערעסען פון פערזאנען אדער גרופען.

* * *

**צו דער ארבייט!** איצט, אז די ווארעמע זומער־מאנאטען זיינען שוין אוועק, און די נאך ווארעמערע פארטיי־צוויסטיגקייטען אין די ברענטשעס פארלירען שוין דעם אימפעט, איז געקומען די צייט צו נעמען זיך פאר אונזער ארבייט. די מאשינעריע פאר דעם ארגאניזאציאנס־קאמפיין איז שוין איינגעשטעלט געווארען. די פלענער פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאמ. זיינען שוין דעטאליזירט געווארען, די נייע־ערוויילטע סיטי און דיסטריקט קאמיטעס, אויפגעפרישט מיט באנייטע קרעפטען, זיינען גרייט פאר די אויפגאבען. אלץ איז פארטיג געלאזט צו ווערען אין באוועגונג.

אבער אויב איר, די טויזענטער און טויזענטער פון אונזער ארדען, וואו איר זאלט ניט זיין, און ווער איר זאלט ניט זיין, וועט בלייבען גלייכגילטיגע צוקוקער און די ארבייט צו פארגרעסערען אונזער מיטגלידערשאפט און איינפלוס וועט אייך ניט מיטרייסען, וועלען די גרויסע אויפגאבען ניט דערפילט ווערען. עס ליגט אינגאנצען אין אייערע הענט. עס ליגט אין אייער גרייטקייט צו טאן עפעס פאר אייער ארגאניזאציע, און טוענדיג פאר דער ארגאניזאציע, מיינט צו טאן עפעס פאר זיך. איר זייט א טייל פון איר, פארגעסט דאס ניט! איר זייט איר פלייש און בלוט, האט דאס שטענדיג אין זינען!

ניט נאר וועט דורך א שטארק פארגרעסערטער מיטגלידערשאפט באדייטענד פארקלענערט ווערען אונזערע בילס — עס וועלען אויך פארגרעסערט ווערען די מעגליכקייטען פאר אויפטואונגען אויף אלע געביטען פון אונזער ארבייט. אונזערע אינסטיטוציעס וועלען פארשטארקט ווערען, אונזערע אקטיוויטעטען און אונטערנעמונגען, אונזער מאכט, ווארט פארמעגען און איינפלוס — אלץ, אלץ וועט פארגרעסערט ווערען אין דער פראפארציע, ווי מיר וועלען אריינקריגען נאך טויזענטער ארבייטער אין אונזערע רייען.

און וואס פאר א שווערע משא ווערט עס אויף אייך ארויפגעלייגט? וואס פארלאנגט דער א. ר. פון אייך מער, ווי צו שאפען דורך די קומענדע עטליכע מאנאטען כאטש איין נייעם מיטגליד פאר אייער ברענטש.

איין מיטגליד!

איר קענט אים קריגען אמלייכסטען אין אייער שאפ, איר קענט גרינג צוקומען צו אייער שכן פון „נעקסט־דאר“, איר קענט אן שוועריגקייטען אים געפינען אין אייער יוניאן־לאקאל, אין אייער קרייז פון אלטע־באקאנטע, לאנדסלייט און פאמיליע.

און מיר טארען אייך ניט אויפהערען צו דערמאנען, אז דער קאמפיין פון דער גענעראל־עקזעקוטיווע ווערט באדייטענד פארשטארקט פאר'ן:

האספיטאל אין סאוויעט־רוסלאנד
אידישער רעליף
„האיאס“
רוסישער הונגער־רעליף
ביכער קאמפיין פאר רוסלאנד.

עס זיינען שוין דרעסען געווארען די אלע קאמפיינס פאר די לעצטע 7 יאר? איר זייט שוין מיד געווארען געבענדיג און הערענדיג די אלטע פזמונים?

מיר האבען נאר איין מיטעל פאר די פריינט, וואס זיינען שוין מיד געווארען — צו פארשטאפען די אויערען אזוי שטארק ווי מעגליך מיט . . . ארבעס. וואטע וועט אסור העלפען!

* * *

**צום אנהייב פון לער־יאר** עס הייבט זיך ווידער אן דער לער־יאר. פארגעסט ניט, אז מיר האבען איבער'ן לאנד 60 א. ר. שולען, וואס מיר האבען געעפענט פאר אונזערע קינדער. מיר האבען זיי מיט גרויס מיה און אנשטרענגונג פארפאלקאמט און פארבעסערט. מיר האבען רעקרוטירט פאר זיי די בעסטע און אידעאליסטישע לערער. אויב איר האט נאך ביז איצט ניט געשיקט אייער קינד אין דער ארבייטער־רינג שולע איז דאס א גרויס פארזען. די שולע איז געבויט פאר אייער קינד. איר צוועק איז ניט נאר צו לערנען אים אונזער שפראך און ליטעראטור, נאר אויך צו דערציען אים אין אונזער פרייהייטליכען גייסט אלס מענש און קינד פון א מאדערנעם ארבייטער. אויב איר האט אייער קינד געשיקט ביז איצט אין תלמוד־תורה איז עס נאך מער ווי א פארזען — עס איז א פארברעכען. סיידען אייך קימערט ניט, צי אייער קינד וועט אויסוואקסען ווילד־פרעמד צו אייך און צו אייערע אידעאלען. סיידען אייך ארט ניט, צי אייער קינד וועט דערנאך שפאטען און לאכען פון אלץ וואס עס איז אייך הייליג און טייער. סיידען עס מאכט אייך ניט אויס, אויב אייער קינד וועט דערצויגען ווערען אין דעם אלט־פרענקישען וועג, וואס איז געוועזען פאר אונז אן אומגליק אפילו מיט א דור צוריק.

שיקט אונז אייערע קינדער. דער שכר־לימוד איז פארהעלטניסמעסיג זייער קליין אין פארגלייך מיט די גוטע רעזולטאטען וואס איר וועט דערזען אין א קורצער צייט.

(שלוס אויף זייט 7.)

# סיסטעמאַטישע בילדונג

פון י. ב. ביילין

איינע פון די ווייטאָגדינגסטע קללות, וואָס זיינען ניט דערמאָנט געוואָרען אין דער תוכחה, אָבער אַזאַ, וואָס וואָלט זיך זיכער דאָרט אַריינגעפּאַסט, איז די קללה פון אונזער „ה אַ ל ב־א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ“.

ה אַ ל ב ק י י ט איז אין אַלגעמיין אַ קללה. אַפילו דער שיינער וויינטרויבען־הענגעל, אויף וועמען עס רוהט נאָך דער מאַטער, פּרישער טוי, פאַראורזאַכט אָפטמאָל אייליגע ציינער, ווען ער איז נאָך ה אַ ל ב רייף. די שאַרפסטע אידישע אויגען מוזען האָבען גרויסע קידוש־לבנה־אותיות ביים מחדש זיין די לבנה, און דאָס איז נאָך אַ סברא, אַז מ'זאָגט עס מער אויסווייניג, ווי אינווייניג. אַפילו פאַר אַ האַלבער ל ב נ ה קען מען אויך ניט זען.

ה אַ ל ב ק י י ט אין בילדונג איז אָפטמאָל ערגער ווי גאָרניט קיין בילדונג. אונזער אַנטוויקעלטער אַרבייטער, „באַלעזונער“ יונגערמאַן, האַלבער עקסטערן און גאַנצער אויטאָדידאַקט, איז אָפטמאָל אין אַן ערגערער לאַגע, ווי דער וואָס קען קיין צורת אות ניט. יענער ווייס כאָטש, אַז ער ווייס ניט. איז עס נאָך אַ האַלבע צרה, און דוכט זיך דאָס איז די איינציגע זאַך, וואו ה אַ ל ב ק י י ט איז אַ שטיקעל נחמה. צו אַ האַלבער צרה קען מען נאָך געפינען אַ ג אַ נ צ ע רפואה.

אונזער האַלב־אינטעליגענץ איז די טראַגי־קאָמישסטע גרופּע אונטער דער זון. זי איז פלייסיג, ענערגיש, אָפּערוויליג און אידעאַליסטיש, אָבער איר פלייס און ענערגיע ווערט צעפלאָסען אין דער פּוסטקייט און אומבאַשטימטקייט. זי גייט לאַבוד. און ניט נאָר דאָס. אָפט ווערט אָט די ענערגיע דער וויכטיגסטער שטרויכלונגס־שטיין אויפ'ן וועג פון אמת'ער בילדונג.

אונזערע האַלב־אינטעליגענטען לעזען. אַנדערע פון זיי האַלבע און גאַנצע נעכט. זיי וואַרפען זיך, ווי פיבערהאַפטע דאָ אויף קונסט, דאָ אויף וויסענשאַפט. כאַפּען אַ שטיקעל פון דאָ און אַ ברעקעל פון דאָרטען. זיי שלינגען איין ווי אויסגעהונגערטע אַלץ וואָס עס מאַכט זיך אונטער'ן האַנט. גייט אַרויס אַ נייער בוך קויפען זיי אים, אָדער באָרגען אים אויס און וואַרפען זיך גלייך אים לעזען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי האַלטען איצט אין לייענען אַן אַנדער געגענשטאַנד.

פון ל ע ר נ ע ן קען, אויף אַזאַ אופן, קוים זיין אַ רייד. אַ פּלאַן, אָן וועלכער עס איז סיסטעם קען נאָר דער מיט אויסערגעוויינליכע פעאיגקייטען ע פּ ע ס אויפטאָן. און דער עפּעס קען קוים האָבען אַ ממשות. און וויפיל אויסערגעוויינליך פעאיגע וואַלגערען זיך עס אין די גאַסען?

מיר קענען ניט זעלטען טרעפען אַ אידישען אַנטוויקעלטען אַרבייטער, וואָס קען אויגענשיינליך אינטעליגענט דעבאַטירען וועגען דער פעדטער דימענסיע און זאָל ניט וויסען די איינפאַכסטע כללים פון אַריטמעטיק. מיר טרעפען יונגע לייט, וואָס ריידען וועגען ניצשע און שאָפּענהויער, ווי וועגען אויסגעדראָשענע זאַכען, און קענען ניט אָנשרייבען קיין לענגערען זאַץ, וואָס זאָל ניט זיין גראַמאַטיש אויסגעהאַלטען. און זאָל עס אונז צו קיין גנאי ניט זיין: פיל פון אונזערע סעקרעטאַרען אין די בראַנטשעס, וואָס דאַרפען ניט נאָר פאַרוואַלטען מיט די געשעפטען פון די בראַנטשעס, נאָר דאַרפען אויך זיין זייערע טאָן־געבער און פירערס, זיינען לחלוטין ניט צוגעגרייט צו טראָגען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס פירער דאַרפען האָבען.

וואָס האָבען מיר געטאָן צו דעם? ווי האָבען מיר געפּרואווט כאָטש טיילווייז לייזען די פראַגע? וואָס האָבען מיר פאַרזוכט צו טאָן אום צו שאַפען אַמווייניגסטענס אַ באַשיידענע גרופּע טוער, וואָס זאָל קענען דינען אַלס מוסטער פאַר די איבעריגע? וואָס האָבען מיר געטאָן צו קאָנסערווירען די ענערגיע פון די צענדליגער „באַלעזונע“, וואָס ווייסען וועגען אַלץ אין דער וועלט און ווייסען גאָרניט?

מיר האָבען אַראַנזשירט לעקציעס. אמת. אָבער דער עצם כאַראַקטער פון די לעקציעס האָט דאָך געטראָגען דעם זעלביגען צ ו פ ע ל י ג ע ן כאַראַקטער, ווי דאָס „לייענען“ פון אונזער האַלב־אינטעליגענץ, מיט דעם איינציגען אונטערשיד, וואָס די לעקציעס האָבען געבראַכט נ אָ ך קלענערע רעזולטאַטען צוליב זייער זעלטענהייט. וויפיל לעקציעס קען דען אַפילו אַ פאַרמעגליכערער בראַנטש אָרגאַניזירען?

די פאַרשפּרייטונג פון אונזער אַ. ר. שול־באַוועגונג האָט אונז ניט־פאָראויסזעענדיג געשטויסען צום געדאַנק פון האָבען אַ. ר. לערער־קורסען. 16 אַרבייטער פון אונזערע רייען האָבען דעם יאָר דורכגעמאַכט אַ סיסטעמאַטישען קורס אין פאַרשיידענע געגענשטאַנדען. דאָס איז געווען ניט נאָר אַן אויפטו צו האָבען אונזערע אייגענע לערער. ניט אַלע פון אונז באַגרייפען, אַז דאָס איז פאַר אונז אויך אַ גרויסער געווינס, וואָס מיר האָבען צוגעקראָגען פאַר אונזער אָרגאַניזאַציע. אַ גרופּע אינטעליגענטע טוער, וואָס האָבען שוין אַמווייניגסטענס אַ מ י נ י מ אַ ל ע ס י ס ט ע מ אַ ט י ש ע בילדונג.

אונזער ערפאַרונג אין דעם לעצטען פיסקאַלען יאָר מיט אונזערע לערער־קורסען האָט אונז איצט אָנגעשטויסען אויפ'ן געדאַנק, אַז מיר קענען אויפטאָן פיל מער, פאַר די זעלבע עטליכע טויזענט דאָלאַר אַ יאָר, וואָס די לערער־קורסען קאָסטען אונז. מיר קענען געבען אַ מינימאַלע סיסטעמאַטישע בילדונג, ניט נאָר פאַר די, וואָס האָבען אַמביציעס צו ווערען לערער אין אונזערע שולען, נאָר פאַר אַלע אינטעליגענטע אַרבייטער, וואָס האָבען ביז איצט פאַרשוועדנט אַ מאַסע צייט און ענערגיע צו לערנען אַלע „שבע חכמות“ און קענען ניט די עלעמענטאַרסטע זאַכען פון איינער פון זיי.

אונזערע קורסען וועלען איצט זיין צוויי־יאָריגע. אין דעם ערשטען יאָר וועלען קענען טאַקע אַריינטרעטען אַלע די, וואָס האָבען אַ געוויסע מאָס אינטעליגענץ צו פאַרשטיין די לעקציעס איבער דער אידישער ליטעראַטור, שפּראַך און גראַמאַטיק, געשיכטע, נאַטור־וויסענשאַפט, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אַרבייטער־באַוועגונג.

אויפ'ן צווייטען יאָר וועט זיך שוין דער קורס פאַנאַנדערצווייגען אין צוויי טיילען: — אַ ווייטערער קורס ספּעציעל פאַר לערער און אַ ווייטערער קורס פאַר די וואָס ווילען זיך ספּעציאַליזירען אויף טוער אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.

מיר האָבען בכן איצט געמאַכט דעם ערשטען פאַרזוך צו האָבען אַן אַ. ר. בילדונגס־אינסטיטוט. אין די גרעסערע שטעט, ספּעציעל אין ניו־יאָרק, האָבען מיר פאַר דעם אַן אויסגעצייכענטען, פאַרטיגען מאַטעריאַל פון אַרבייטער, וואָס וועלען האָבען די נייטיגע מאָס אינטעליגענץ אַנצוקומען אין דעם אינסטיטוט. דערווייל ווערט די פּראָבע געמאַכט אין ניו־יאָרק. דער ערפאָלג פון דעם עקספּערימענט וועט וואַרשיינליך מיט דער צייט אַרויסרופען אַזעלכע אינסטיטוציעס אויך אין שיקאַגאָ און אין פילאַדעלפיע. סוף־כל־סוף וועט אַפילו איצט דאָך דערפון פּראָפיטירען ניט ניו־יאָרק אַליין. די לערער, אַזוי גוט ווי טוער,

(שלוס אויף זייט 7.)

# די ארבייטער-פאַקולטעטען

פון דר. אסתר לוריע

„דאָס נייע רוסלאַנד", דער אָרגאַן פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס האָט געשוויגען איבער 4 יאָר, באַרירט צווישען די נייע ערשיינונגען פון רוסישען לעבען אויך די ארבעטער־פאַקולטעטען. אין דעם דאָזיגען זין האָט „דאָס נייע רוסלאַנד" רעכט. די ארבעטער־פאַקולטעטען בילדען א נייע בילדונגס־אינסטיטוציע פאַר די ארבעטער פון ביידע געשלעכטער אין רוסלאַנד, זיי זיינען אַן ערשיינונג, וואָס קען ניט עקזיסטירען אין א קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. מיר האָבען אין אַמעריקע, אין דייטשלאַנד א. אז. וו. ארבעטער־אוניווערזיטעטען, וואָס גיבען דעם ארבעטער אַן אַלגעמיינע אָדער א פּאַרטיי־בילדונג, און פּאַרטיג. די רוסישע ארבעטער־פאַקולטעטען עפענען ברייט דעם ארבעטער־קלאַס די טירען פון אַלע העכערע שולען. נאָך מער: די אַרבעטער זיינען די יחסנים צום אריינטרעטען אין די דאָזיגע שולען. מיט א דיפּלאָם פון אַן ארבעטער־פאַקולטעט קומט מען אַן דער ערשטער — „פּערוואָיו אָטשערעדר", און אָן אַן עקזאַמען.

דער ציל פון די ארבעטער־פאַקולטעטען איז צו שאַפען אין סאָוויעט־רוסלאַנד אַן אייגענע אינטעליגענץ, ד. ה. אַן אינטעליגענץ, וואָס זאָל ניט זיין פיינדליך צו דער רעגירונג, אַן אינטעליגענץ, וואָס זאָל זיין דורך און דורך פאַרקניפּט מיט די ארבעטער און פּויערים. דאָס קען בשום אופן ניט זיין דער פאַל מיט דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וואָס איז אָפּגעטיילט פון די מאַסען מיט א דיקער וואַנט.

א גאַנץ נייעם בליק האָט איצט אָנגענומען די רוסישע סטודענטנשאַפט. א האַלבען יאָרהונדערט האָט זי געבילדעט דעם אוואַנגאַרד פון דער רוסישער רעוואָלוציע. איצט איז זי קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. די סאָוויעט־רעגירונג האָט ווייניג אָנהענגער אין די העכערע שולען. מ'האָט ניט געקענט אין פאַרלויף פון 4 יאָר אָנפילען די אוניווערזיטעטען מיט ארבעטער. א גאַנץ גרויסער פּראָצענט פון די סטודענטען געהערט צו דער בורזשואַזיע. געגען דער מאָנאַרכיע האָט זי געקעמפט, — מיט דער בורזשואַזיע לעבט זי אָבער בשלום. דאָס דערמאָנט מיר אַן עפּיזאָד פון דער סטודענטען־באַוועגונג אין דייטשלאַנד אין די 40־גער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט. א גרופּע ארבעטער האָט זיך געווענדט צו א גרופּע סטודענטען מיט א בקשה צו בילדען זיי, און די לעצטע האָבען זיי געענטפערט: „מיר זיינען נאָך ניט געפאַלען אזוי טיף, כדי צו האָבען געשעפטען מיט ארבעטער". אויך די רוסישע סטודענטען „זיינען ניט געפאַלען אזוי טיף", כדי צו זיצען אויף איין באַנק מיט די „ראַבפאַקאָווטשעס".

אין די רוסישע אוניווערזיטעטען האָבען זיך איצט געגרינדעט צוויי פיינדליכע פּאַרטייען, די סטודענטען און „סטודענטען־ראַבפאַקאָווטשעס". צו די לעצטע געהערען סיי די שילער פון ארבעטער־פאַקולטעטען, סיי די סטודענטען מיט אַן ארבעטער־פאַקולטעט בילדונג. עס קומען פאָר פאַלען, ווען די סטודענטען, די בורזשואַזע קינדער, טרעטען ארויס אויף א סטודענטען־סכאָדקע מיט די ווערטער: „מיט ראַבפאַקאָווטשעס וועלען מיר ניט זיצען צוזאַמען". און פאַרלאָזען די סכאָדקע. זייער אָפט קומען פאָר שטורעמדיגע סכאָדקעס, אויף וועלכע מען קען זיך אבסאָלוט ניט צוזאַמענרעדען. אין דעם אויבען־דערמאָנטען ארטיקעל, אין „דאָס נייע רוסלאַנד", מיינט דער פאַרפאַסער פון ארטיקעל, א פּראָפעסאָר (דאָס איז דער אונטערשריפט פון דעם אַרטיקעל), אַז פון דעם גאַנצען ליאַרעם אויף די סכאָדקעס קען מען לייכט פּטור ווערען. ער גלויבט, אַז די סטודענטען פון ביידע לאַגערען דאַרפען בלויז פּריוואַט זיך צוזאַמענרעדען, וועלען זיי זען, אַז זיי קענען גיין האַנט אין האַנט און ארבעטען צוזאַמען. דער געערטער פּראָפעסאָר מאַכט אָבער א גרויסען טעות. האַנט אין האַנט קענען די ביידע לאַגערען נים גיין. א קלאַסען־האַס צעטיילט זיי אין צוויי לאַגערען. מיר איז אויסגעקומען פּריוואַט צו רעדען מיט די בורזשואַזע סטודענטען וועגען דער זאַך. מיט האַס און גאַל דערציילען זיי, ווי די „ראַבפאַקאָווטשעס", די פרעמדע עלעמענטען, רייסען זיך אריין אין זייער אוניווערזיטעט און צעשטערען זייער סטודענטען־היים. אויך די „ראַבפאַקאָווטשעס" רעדען מיט האַס וועגען דעם, אַז אין סאָוויעט־רוסלאַנד, וואו זיי, ארבעטער, זיינען די אמת'ע בעלי־בתים פון לאַנד, ווערען זיי פאַרפאָלגט און פאַרהאַסט אין בילדונגס־טעמפּעל פון די בורזשואַזע עלעמענטען. זיי האָפען, אַז מיט דער צייט וועט די צאָל פון די בורזשואַזע סטודענטען ווערען אַלץ קלענער און קלענער, און דאַן וועלען זיי פרייער קענען אָפּאָטעמען.

די „ראַבפאַקאָווטשעס" זיינען גערעכט. בלויז קלאַסען־אינטערעסען בילדען דעם גאַנצען טאַראַראַם. די סטודענטען זאָגען, אַז די „ראַבפאַקאָווטשעס" האָבען ניט קיין נייטיגע בילדונג, אויב אזוי, איז גאָר ניט בעסער מיט דער בילדונג פון די בורזשואַזע קינדער, וואָס זיינען אין די אַלטע צייטען געוועזען גימנאַזיסטען, האָבען אָבער איצט געענדיגט די „טרודאָוואַיאַ שקאָלאַ" (די ארבעטערשולע).

---

מיט די ארבעטער־פאַקולטעטען ווערט פאַרפאָלגט א טאָפּעלטער צוועק: צוצוגרייטען פריער ווי דאָס קען זיין דער פאַל מיט דער „טרודאָוואַיאַ שקאָלאַ", די רוסישע ארבעטער צו די העכערע שולען, און געבען דעם פעאיגען ארבעטער די מעגליכקייט זיך צו לערנען. צו אָט דעם צוועק ווערען אין די ארבעטער־פאַקולטעטען צוגענומען יונגע לייט פון ביידע געשלעכטער אין עלטער פון 18 ביז 35 יאָר. בלויז די דאָזיגע, וואָס האָבען געארבעט ביים „סטאַנאָק" (מאַשין) ניט ווייניגער ווי צוויי יאָר, קענען אריינטרעטען אין די ארבעטער־פאַקולטעטען.

ביים אריינטרעטען אין ארבעטער־פאַקולטעט קומט אויס צו האַלטען א גאַנץ קליינעם עקזאַמען. מען דאַרף קענען רעכענען, לעזען און שרייבען רוסיש; מען דאַרף זאָגען, אַז מען נעמט צו אַזעלכע, וואָס לעזען און שרייבען גאַנץ שלעכט. איצט שטעלט זיך א פראַגע, וואָס קען מען אויפטאָן מיט דערוואַקסענע מענטשען, וואָס האָבען אזוי ווייניג בילדונג און דאַרפען זיין גרייט אין דריי יאָר אריינטרעטען אין וויסענשאַפטס־טעמפּעל? מען נעמט צו פעאיגע עלעמענטען (דער גרעסטער טייל ווערט קאָמאַנדירט פון דער פּאַרטיי און פון די טרייד־יוניאָנס) וואָס רייסען זיך צו דער וויסענשאַפט און האָבען אין אַלטען רוסלאַנד ניט געהאַט קיין מעגליכקייט. איצט גיט מען זיי דערצו א געלעגענהייט, אָבער מער ניט. ביים אריינטרעטען אין פאַקולטעט שטעלט מען ניט צו קיין גרויסע פאָדערונגען, ביים לערנען אָבער איז די באַציאונג א גאַנץ אַנדערע, אָבער אויך ניט מער קיין „קאַזיאָנע". איך וויל דאָ ברענגען א ביישפּיל. אָט איז דער ערשטער סעמעסטער פון א פּעטראָגראַדער ארבעטער־פאַקולטעט. אומגעפער 15 מענטשען האָבען געמוזט בלייבען נאָך אַמאָל אויפ'ן זעלבען סעמעסטער, מען האָט זיי געגעבען נאָך אַמאָל א געלעגענהייט. ביים עקזאַמען זיינען אייניגע פון זיי נאָך אַלץ ניט געוואָרען פּאַרטיג, דער פאַקולטעט וויל זיי מער ניט האַלטען. אַזאַ זאַך ווערט דאָ אָבער ניט באַשלאָסען אָן די שילער, וועלכע האָבען געשיקט זייערע פאָרשטייער אויף אַן אַלגעמיינער זיצונג מיט די לערער. עס איז

באשלאסען געווארען, אז מען וועט זיי געבען די לעצטע געלעגענהייט, פאר די זומערדיגע פרייע מאנאטען זאלען זיי זיך צוגרייטען און האלטען ווידער עקזאמען.

א גאנץ גרויסע צאל פון די שילער אין ארבעטער־פאקולטעטען זיינען עלטער פון איבער 25 יאר. זעלבסטפארשטענדליך, אז בלויז דער דורשט צום לערנען שטופט זיי צו דעם שריט. אלס ארבעטער, אדער סתם אלס פארטיי־טוער קענען זיי מאטעריעל לעבען א סך בעסער. און אט די דאזיגע דורשט ארבעט אין זיי אוים אן אויסערגעוויינליכע ענערגיע.

איך בין געוועזן איינינע מאנאטען אין אן ארבעטער־פאקולטעט אן אנפירער פון א פילאזאפישען קרייז, און האב באוואונדערט מיינע צוהערער. קרייזען זיינען ניט אבליגאטאריש, שטעלט זיך די פראגע, וואס דארף מען שוויצען אין א קרייז פון 4 ביז 6 א זייגער, ווען מען האט שוין פריער געלערנט זיך פון 10 ביז 4, און אין א צייט, ווען די מאטעריעלע באדינגונגען זיינען געווען אזוי שלעכט. איך האב זיי וויפיל מאל פארגעלייגט, ווארפען דעם קרייז, זיי זיינען אבער געבליבען ביי מיר און אין אנדערע קרייזען. אבער אזוי ווי דאס איז פארט געווען איבער די כחות, האט די בילדונגס־סעקציע (באשטייט פון שילער) באשלאסען צו קאסירען די טעארעטישע קרייזען און אנהאלטען בלויז אזעלכע — ווי א טעארעטישען, דראמאטישען, מוזיקאלישען א. אז. וו.

נאך אין אמעריקע האב איך בלויז איין ריכטיגע קארעספאנדענץ געלעזען וועגען דער מאטעריעלער לאגע אין רוסלאנד: זי איז גאנץ פארשידען אין פארשידענע צייטען, פארשידענע ערטער א. אז. וו. דאס זעלבע קען מען אויך זאגען וועגען דער מאטעריעלער לאגע פון די ארבעטער־פאקולטעטען. אין דעם איצטיגען מאמענט איז זי א ניש־קשה'דיגע, — אין די אויגען פון די אויסגעהונגערטע — אן אויסערגעוויינליך גוטע. ווינטער איז די לאגע אבער געווען אן אומדערטרעגליכע. עס פלעגט פאסירען, אז 6־8 טעג פלעגען די שילער זיצען אן ברויט. אט ביי אזעלכע באדינגונגען צו לערנען זיך און ניט אוועקווארפען די תורה, דאס איז א העלדענטאט, וואס איך מוז באוואונדערען. אמת, מ'דארף זאגען, אז ניט אלע האבען אזוי געהונגערט, אבער געוויס א גרויסער טייל; פון די איבעריגע האט ווער שטיצע פון דער היים, ווער עס ארבעט און פארדינט. קריגען ארבעט איז אבער אויך ניט לייכט, ווען מען לערנט זיך פון 10 א זייגער אין דער פרי ביז 4. עס איז אבער דא א גרויסע האפענונג, אז די גרויזאמע צייטען וועלען ניט צוריק קומען.

דער רוסישער סטודענט בכלל און דער „ראבפאקאוויעטש" בפרט, אומאפהענגיג פון זיין סאציאלער אפשטאמונג, האט זיך איצט אויסגעגלייכט מיט'ן אמעריקאנעם סטודענט. ער לערנט זיך און ארבעט צו פיזיש, און אין די זומערדיגע פרייע מאנאטען פארוואנדעלט זיך דער סטודענט אין א שווערען ארבעטער. אין פעטראגראדער פארט ווערען די שווערע פעק, וואס קומען אן אויף די שיפען פון אויסלאנד, אראפגענומען פון א גרויסען טייל רוסישע סטודענטען. די „ראבפאקאווטשעס", געוועזענע ארבעטער, שטעלען זיך אין די זומערדיגע מאנאטען צוריק צו דער מאשין און גרייטען אן אויף ווינטער האלץ און אלע נייטיגע פראדוקטען.

---

## פון מאנאט צו מאנאט

(שלוס פון זייט 4.)

שטעטלאך, פארנאכלעסיגט ניט צו העלפען אונזערע שולען. אונטערשאצט ניט די ארבייט. אין אונזער שול־באוועגונג זיינען פארבארגען גרויסע מעגליכקייטען און אויפטואונגען. לייגט צו א האנט. לאזט ניט פאלען די לאסט אויף די פלייצעס פון עטליכע. אמווייניגסטענס אנטמוטיגט זיי ניט מיט אייער גלייכגילטיגקייט.

מיטגלידער און טוער פון א. ר., זאלען מיר זיך אלע גלייך נעמען, צום אנהייב פון שול־יאר, צו מאכען פון אונזער שול־באוועגונג א ביישפיללאזען ערפאלג.

* * *

**אן א מאסקע און אן א הויט**

דאס וואס פאר אונז איז שוין לאנג קיין נייעס ניט געווען הייבט ביסלעכווייז אן צו ווערען אויך אן אמת ביי דער ברייטער אמעריקאנער ארבייטערשאפט. מיר האבען באזירט אונזער א. ר. אויף דער קלאסען־צעטיילונג אין אונזער געזעלשאפט. מיר האבען פארשטאנען, אז א רעגירונג פון א לאנד, וואס איז צעטיילט אין קלאסען, קען ניט דינען די אינטערעסען פון אלע קלאסען. די באגריפען פון יושר און גערעכטיגקייט, פון אמת און פרייהייט, ווערען אין אונזער איצטיגער ארדענונג אויסגעטייטשט ביי יעדען קלאס אויף זיין שטייגער. א רעגירונג, וואס וויל איינריידען, אז זי שטייט פאר אמת און יושר אין אלגעמיין, נארט אפ זיך און אנדערע, ווייל אין דער אמת'ן שטייט זי פאר'ן אמת און יושר ווי דער קלאס וועמען זי פארטרעט פארשטייט עס.

די דעמאקראטישע אדמיניסטראציע פון ווילסאנען האט דעריבער זעלטען ווען ארויסגעוויזען איר אמת'ן פנים. זי האט זיך שטענדיג באהאלטען אונטער דער מאסקע פון פריינדשאפט צום ארבייטער און פארמער. איר איז טאקע פיל מאל געלונגען צו פארשטארקען די לעגענדע וועגען אמת און יושר פאר אלעמען, אין נאר דעמאלט, ווען אין דעם געבראזג און געשליידער פון דעם שטאל־סטרייק איז די מאסקע אראפגעפאלען, איז זי געבליבען שטיין פאר א באדייטענדער טייל פון דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט אין איר אמת'ער געשטאלט.

דער צוקונפטיגער היסטאריקער וועט אמאל געוויס אנווייזען אויף דעם גרויסען פארדינסט פון דער רעפובליקאנער הארדינג־אדמיניסטראציע, אין דער הילף צי באפרייען דעם אמעריקאנעם, פארטעמפטען און פארבייזבאלטען, ארבייטער־קלאס פון דער פאלשער לעגענדע. ניט נאר אן א מאסקע שטייט איצט פאר'ן גאנצען לאנד פרעזידענט הארדינג און אליז, וואס ער פאדקערפערט, נאר אפילו אן הויט אויפ'ן פנים. דאס הוילע רויע פלייש פון אן אפענעם שונא שטארט ארוים קלאר און דייטליך. ניטא קיין פארפירענדע צוג־ליניעס אויפ'ן פנים, נימא קיין רחמנות־אנשטעל. עס איז אן אפענע מלחמה אקעגען דעם עקספלואטירטען קלאס, וואס האט די העזה צו ראנגלען זיך מיט זיינע אונטערדריקער.

דער „אינדזשאנקשאן" קעגען דעם סטרייק פון די אייזענבאן־ארבייטער־מאשיניסטען קען ווערען א וויכטיגע היסטארישע פאסירונג. דער אמעריקאנער ארבייטער־קלאס האט גענומען עפענען די אויגען, און ווער ווייס וואס פאר א ליכט עס וועט פון זיי א פלייץ טאן ווען זיי וועלען זיך פאנאנדערפענגען אינגאנצען!

---

## סיסטעמאטישע בילדונג

(שלוס פון זייט 5.)

ווירקען דערנאך אין פארשידענע שטעט, אין די פארווארפענסטע געגענטען.

די קורסען וועלען זיך עפענען דעם 18־טען סעפטעמבער. אין א זונטאג פריער וועלען זיין די איינטריט־עקזאמענס. די צייט פון די לימודים איז אזוי איינגעטיילט, אז עס זאל זיין ניט צו שווער פאר ארבייטער, וואס ארבייטען א גאנצען טאג אין שאפ. עס וועלען געגעבען ווערען ניין לעקציעס, אין פינף לערן־טעג א וואך. דער פרייז פון דעם קורס איז אויך זייער צוגענגליך — $40 א יאר, אויסגעצאלט ראטענווייז.

סיסטעמאטישע בילדונג ווערט בכן ביי אונז א פאקט. עס בלייבט איבער צו זען וויפיל פון אונזערע אינטעליגענטע ארבייטער אין ניו־יארק און אומגעגנט וועלען זיך דערמיט באנוצען.

# אינדוסטריעלע קראנקהייטען

פון דר. הענרי י. לעוויטאן

.2

## בליי־פארגיפטונג

אינדוסטריעלע אנטוויקלונג הייסט — פראגרעס. א לאנד, וואס איז אינדוסטריעל אנטוויקעלט, איז רייך ניט נאר פינאנציעל, נאר אויך קולטורעל, און ווערט געוויינטליך א גרויסע פאליטישע וועלט־מאכט און נעמט שטופענווייז ווערען דער טאן־געבער פון אנדערע לענדער. ביים איצטיגען מאמענט איז די אימפעריאליסטישע ענגלאנד דאס גרעסטע אינדוסטריעלע לאנד און שפילט דערפאר פאליטיש די ערשטע פידעל אינ'ם קאנצערט פון די נאציאנען. רוסלאנד, זייענדיג אינדוסטריעל די קלענסטע און זיך נויטיגענדיג אין אינדוסטריעלע פראדוקטען, איז דערפאר געצוואונגען צו טאנצען נאך ענגלאנדס דודקע.

דעם פשוט'ען מענשען קען זיך אויסווייזען, אז וויבאלד ענגלאנד האט די גרעסטע אינדוסטריע, דארפען דארט די מענטשען זיין גליקליכער און צופרידענער ווי אין די מער אפגעשטאנענע אינדוסטריעלע לענדער. די מיינונג קען זיך זיין ריכטיג אין נאציאנאלען זין, אינ'ם סכום פון נאציאנאלע רייכטימער און מאכט, אבער אינ'ם זין פון אינדיווידועלען, פערזענליכען גליק איז דער ענגלישער ארבעטער ניט גליקליכער, ניט רייכער און ניט געזונטער ווי אפילו דער רוסישער ארבעטער, אפטמאל נאך אומגליקליכער.

צוזאמען מיט דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג און אירע ברכות פון מאכט און רייכטימער, קומען אויך אירע קללות: ארבעטער־שקלאפעריי, אומגליקספאלען ביי דער ארבעט און קראנקהייטען פון אומגעזונטע, געפערליכע באשעפטיגונגען. די געזעלשאפט ווערט שארף צעטיילט אין צוויי געגענזעצליכע קלאסען — דער באזיצענדער און גליקליכער קלאס, און דער ארבעטענדער, נויטליידענדער, אומגליקליכער קלאס. און וואס העכער עס איז די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג, אלץ העכער וואקסט די צאל פון די אינדוסטריעלע קראנקע. מיט יעדער נייער אינדוסטריע אנטוויקלען זיך נייע קראנקהייטען, וועלכע זיינען אייגענטימליך דער אינדוסטריע.

פון אלע אינדוסטריעלע קראנקהייטען פארנעמט בליי־פארגיפטונג דעם אויבען־אן אלס די טיפישסטע און די עלטסטע פון די אינדוסטריעלע קראנקהייטען.

בליי־פארגיפטונג איז בשום אופן ניט קיין נייע קראנקהייט. זי האט שוין עקזיסטירט אין די סאמע עלטסטע צייטען. אין דער צייט פון דער רעכטער בליאונג פון דער רוימישער אימפעריע, האט עס כמעט אנגענומען די פראפארציע פון א נאציאנאלער קראנקהייט. דער בארימטער רוימישער ארכיטעקט ווירטואוויוס, דער בויער פון דער גרויסער וואסערלייטונג פון רוים, האט באנוצט בלייענע רערען פאר דער וואסערלייטונג. ער איז אויך געווען דער ערשטער אויסצוגעפינען, אז ווען מען טרינקט דאס וואסער פון בלייענע רערען, ווערט עס אומפארמיידליך פאראורזאכען בליי־פארגיפטונג.

עס איז אינטערעסאנט צו באמערקען, אז אין ענגלאנד האט זיך אנגעהויבען בליי־פארגיפטונג ווען די רוימישע לעגיאנען האבען פארפלייצט ענגלאנד און פארכאפט אירע בליי־מינען. ווען צעזארס מחנות זיינען אנגעקומען אויפ'ן נארדליכען אינזעל, וועלכער איז היינט באקאנט אלס ענגלאנד, האבען זיי גלייך גענומען באנוצען דאס בליי פאר וואסער־רערען. מען קען נאך אפילו היינט געפינען שטיקער האנט־געקלאפטע בליי־רערען ארום ניו־קאסטעל־אפאן־טיין, וואו די אלטע רוימישע לעגיאנען האבען אמאל געלאגערט.

בליי־פארגיפטונג ווערט אויך צייטענווייז אנגערופען „פלומביזם", אדער בליי־קרעמפען. די אורזאכען פון בליי־פארגיפטונגען זיינען געוויינטליך אינדוסטריעלע, אבער זייער אפט פאסירען זיי אויך פון אומגליקליכע צופאלען. דער הויפט־קוואל פון צופעליגע בליי־פארגיפטונג איז די בלייענע וואסער־רערען. אין די ערטער, וואו דאס וואסער קומט פון א טארפיגען גרונט, אנטהאלט עס אין זיך א היבשע מאס פליסיגען בליי, וועלכער איז געפערליך. דערביי איז וויכטיג צו וויסען, אז עס איז ניט אזוי געפערליך אראפצושלינגען א גרויסע דאזע בליי אויף איין מאל, ווי דאס שטענדיגע, טעגליכע איינזאפען פון קליינע דאזען בליי־גיפט, וועלכע געפינט זיך אינ'ם וואסער.

וואסער, וואס שטייט איבער נאכט אין בלייענע רערען, האט די אייגענשאפט אויפצולייזען און איינצוזאפען דעם בליי. דערפאר איז ראטזאם אפצודרייען דעם קראן יעדען פרימארגען און לאזען אפלויפען דאס וואסער עטליכע מינוטען איידער מען טרינקט עס.

די שפייז פון בלעכענע קענדלאך איז אפטמאל דער מקור פון בליי־פארגיפטונג. ספעציעל האבען פיינעפעל (אנאנאס) און לאקס (סעמאן) די אייגענשאפטען אויפצולייזען און אריינצוזאפען דעם בליי, מיט וועלכען די קענדלאך ווערען פארלייטעט. ערשט לעצטענס האבען די מאדערנע קענערים גענומען פאקען די שפייז אין די קענדלאך אן בליי.

אינדוסטריעלע בליי־פארגיפטונג איז זייער שטארק אנטוויקעלט.

בליי ווערט געברויכט אין אלערליי פארמען אין מער ווי אין א הונדערט אינדוסטריעס, אנהייבענדיג מיט'ן אויסגראבען דעם בליי פון די מינען און ענדיגענדיג מיט די פארטיגע פראדוקטען, ווי פארב, טאפעטען, דרוק־מאטעריאלען, קאסמעטיקס, קארטון א. אז. וו. מיר וועלען זיך אבער בלויז אפשטעלען ביי די וויכטיגסטע, וועלכע זיינען די הויפט־קוועלען פון בליי־פארגיפטונג. דערביי וויל איך אויפמערקזאם מאכען, אז די אינדוסטריע פון גראבען דעם בליי איז ווייניגער געפערליך. מחמת ווען דער בליי ליגט אין דער מינע אין דער רויער פארם פון שוועבעל־זויערע, קען ער דאן בשום אופן ניט איינגעזאפט ווערען. שעדליך ווערט ער ערשט אין דער צייט פון שמעלצען, ווייל עס גיט ארויס גאזען, וועלכע זיינען פול מיט אטאמען בליי. ווען די גאזען ווערען ניט גוט ארויסגעצויגען ביים שמעלצען דורך די ווענטילאטארען און קוימענס, מוזען די ארבעטער איינאטעמען די גיפטיגע גאזען. נאך גרעסער איז די געפאר פאר די ארבעטער, וואס רייניגען די קוימענס, מחמת אינ'ם אש און סאזשע פון די קוימענס געפינט זיך ארום 60 פראצענט בליי און דערפאר איז דא א גרויסע געפאר פארגיפטעט צו ווערען אריינאטעמענדיג די שעדליכע לופט.

איידער דער בליי ווערט געשמאלצען אנטהאלט ער אין זיך א געוויסען פראצענט זילבער און גאנץ אפט אויך גאלד. עס איז דערפאר נייטיג א זייער הויכע טעמפעראטור אינ'ם פראצעס פון שמעלצען, און די ארבעטער ביי אזעלכע אויוועגס זיינען אין גרויס געפאר פון בליי־פארגיפטונג.

פון די פילע פארשידענע סארטען בליי, **איז דער ווייס'ער בליי דער געפערליכסטער.**

די גאנצע צאל בליי־פארגיפטונגען אין ענגלאנד אין דער קורצער פעריאדע פון 12 יאר — 1900—1912 — איז געווען 8523 קרבנות. געשטארבען פון דער קראנקהייט זיינען 394 מענטשען, ד. ה. 4.5 פראצענט.

הויז־פיינטערס ליידען פון בליי־פארגיפטונג מערסטענס **צוליב'ן אריינאטעמען דעם שטויב פון דער פארב ביים זאמד־פייפערען אדער דורכ'ן אריינאטעמען די גאזען ביים אראפברענען די אלטע פארב.** בליי־פארגיפטונג איז אויך שטארק אנטוויקעלט ביי די פיינטערס פון מאטאר־קארס.

דורך די יארען 1900־1909 זיינען אין ענגלאנד קראנק געווארען 1973 פיינטערס פון בליי־פארגיפטונג. 380 פון זיי זיינען געשטארבען. ספעציעל איז דער פאראליז פון הענט און די פינגער אן אפטע דערשיינונג צווישען די הויז־פיינטערס.

# דער בליק

(דערציילונג)

פון פּ. בימקאָ

ס'איז געווען אין אָנהייב פון די קילע הערבסט־טעג, ווען דער הימעל האָט זיך ערנסט געוואָלקענט, און ס'האָבען גערוישט די באַגילדטע אָפּגעפאַלענע בלעטער פון די ביימער, אין די גערטנער.

די בענק זיינען געווען פאַרלאָזט, ליידיגע אַלייען, און די קילע לופט האָט אָפּגעוואַשט דעם הייסען שטויב, דעם פייכטען שוויים, אַז ס'האָט אַלץ אָנגעהויבען דערפרישענד צו אָטעמען... אָפּאָטעמען און אויסגיין, ווי די פאַרעלטערטע זשיקלאַך.

און דאָס וואַסערל האָט זיך געקנייטשט ווי דער שטערן פון אַ זקן, געגרינצעלט מיט יענער טיפער זאָרג, פאַר דער אָנקומענדער עלטער.

אין יענע טעג, ווען דער גאָרטען איז געווען שטיל, קרייענקליך שטיל, — האָב איך אָנגעהויבען צו פאַרזינקען אין אים; דאָס שטילע פאַרנעמען זיך פונ'ם אָוועגט, וואָס פלעגט זיך אַריינשלייכען אַזוי ווי אַ באָרוויסע פרוי צווישען די אַלייען פון פּאַרק; דאָס בלייכקייט פון די פרויען־געזיכטער, וואָס זיינען דאַן איבערגעבליבען צעוואָרפען אויף פאַרשידענע בענק, אַזוי ווי מיט אויסגעמוטשעטע לונגען; און דאָס פאַרטראַכטקייט פון די מיידלאַך, וואָס קומען אין די הערבסט־טעג אָפּזוכען די וואַרימע ליפּען, וואָס אין די הייסע זומער־טעג...

כ'פלעג אָנהייבען פאַרזיצען, שפּעטער, — אפשר ווייל די אָוונטען פלעגען מיט יעדען טאָג זיך צואיילען, און קומען פריער; און ביי טריבע הימלען, הענגען כסדר, פון פרימאָרגען אָן, — איבער די ביימער, אַזוי ווי דער טאָג וואָלט דאַן אינגאַנצען געוואָרען פאַרזען...

אין די דאָזיגע אָוונטען האָב איך מיך לייכט צוגעהערט צום שטילען געזאַנג פון מידען הערבסט; מיט צוגעמאַכטע אויגען, אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, אפשר — און אָפענע אויערען אַזוי אייגען ווי אַ הונט וואָס ליגט אויסגעצויגען אויפ'ן בויך, און שלינגט די שטיקער טיפע ווייטקייטען, — אַזוי האָב איך אַריינגעאָטעמט דאָס זילבערנע הערבסט־ליד...

דער הערבסט אויף די פּנימ'ער פון די פרויען; און דאָס פּייערליכע פאַרגיין פון זומער, וואָס ליגט אַרויסגעוואָרפען צווישען די הויפענס בלעטער, אויף דער ערד...

דער זינגענדיגער הערבסט, וואָס ווערט אַרויסגעזונגען פון די ביימער, פון די ווינטען, און צעבלאָזען...

---

אויפמאַכענדיג די אויגען, האָט ס'רוב, די פינסטערקייט צווישען די געדיכטע, געדרייטע ליידיגע וועגען צווישען די ביימער, אָפּגעשראָקען; די צעקרימטע ביימער, און די בלעטער, — ווי מאָגערע עלענבויגענס ביי שוואַרצע מענטשען, וואָלטען זיך געהאַלטען אַרומגענומען, אַרויפגעדרייט, און צוזאַמענגעוואַקסען... די ווייסע זאַמדיגע שלאַכען דערמאָנט אין אויסגעגליטשטע שטערען אויפ'ן הימעל, וואָס לאָזען איבער נאָך זיך זילבערנע שלאַדען...

כ'גיי אַוועק און שום ווילען; און אין גיין, ווי אין זיצען, ליגט אַזאַ שווערקייט, מידקייט, — די גאַנצע שווערקייט פון הערבסט... עפּעס גיט דערביי ערגעץ־וואו אַ צאַפּעל, פּונקט ווי ביי אַ וואָרימעל אונטער אַ צוגעלייגטען הויפען ערד...

עפּעס גיט ערגעץ דאָ אַ פּישטשע אַ פייגעלע, — אַראָפּ־געפאַלען מסתמא פון אַ בוים, אַ יונג פּיצעל פייגעלע, און פּע־דערען...

כ'קום צום וואַסער, קוקט עס מיך אָן מיט אַ מאַט געזיכט, און אַ גלאַטען שטערען, און איין קנייטשעלע, פּשוט, ווי אַ טויט־וואַסער, אַן אָפּגעשטאָרבען וואַסערל...

אַרום, אויף איינע פון די פאַרלאָזטע בענק, זיצט, דוכט זיך, אַ פרוי; דער איבערגעבליבענער שוואַרצער שאָטען פון וועמען רוהט זיך אָפּ איינער אַליין אפשר אַרום אַלע געדרייטע וועגען, אין דער שטילער, טריבער איינזאַמקייט פון דעם הערבסט־פּאַרק, וואָס אָטעמט טיף אין זיך אַריין אין די נאַכט...

דער ווינט וועקט פאַר אַ ווײלע איבער ס'וואַסערל, גלעט עס שאַרף, ווי עפּעס געוואָלט איינבעטען פריער מיט גוטען, און באַלד — מיט בייזען, מיט כעס, אָנגע'ברוגז'ט...

— שטיי אויף, דו אַלטער שטיפער, פאַר אַ ווײלע, דו...

דאָס וואַסערל ווערט אומרואיג, ווי אַ באַליידיגטע פרוי, און די צווייגען נעמען זיך איר עולה, באַוועגען זיך לייכט אַרי־בערהענגענדיג:

— וואָס ווילסטו, בייזער ווינט... לאָז שלאָפען אַ ווײלע, נאָך ווייניג אָנגעהוליעט?...

אַרום רוישען באַלד צו די בלעטער, הייבען זיך אויף, און וואַרפען זיך איבער, רודערען זיך געדיכט, און דער איינער גע־שטאַלט, וואָס אויף דער באַנק, גיט זיך נישט קיין ריר...

טיף פאַרזונקען איז ער, און פאַרלאָשען, ווי דער זומער איז פאַרלאָשען...

ערשט אַ קליין טראָפּעלע שפּעטער, ווען אויפ'ן הימעל ער־געץ הייבט אָן טיף צו דונערען, און אויסהערליך שאַלען, ווי אין אַ מירזשער, גיט זיך דער שאָטען אַ טרייסעל, ווי אַן אָפּגע־בונדען שיפעל אויפ'ן וואַסער, און ס'שטייט מיט אַמאָל אויף אַ פרוי, אַ יונגע באַוועגליכע פרוי, גלייכט זיך אויס, ווי זי וואָלט גאָר געהאַט געשלאָפען דאָ, בלייבענדיג אַ ווײלע שטיין, נישט צו רירען זיך מער — קוקענדיג בלויז מיט די אויגען.

אויגען טיפע, אויגען גרויסע, און אפשר קליינע, נאָר זייער בליק, זייער בליק — וואו ס'האָט שרעקליכע טיפקייט אַרויסגע־קוקט, און דאָ — צו אַ שרעקליכער טיפקייט אַריינגעקוקט...

---

כ'האָב נישט געזען מער, ווי די אויגען וואָס האָבען גע־קוקט, און פיליכט: איבער דער גאַנצער ברייט פון וואַסער, צווישען די געדרייטע וועגלאַך אין גאָרטען, פיליכט: געזוכט וועמען, וואָס האָט איר געלאָזען אַזוי לאַנג וואַרטען אויף זיך, און איר געלאָזען אַוועקגיין, איינגעזען זיך, אין הערבסט, נאָכ־דעם ווי די הערצער האָבען אפשר צוזאַמען געברענט פאַר'ן זומער; כ'ווייס נישט מער: דער בליק אירער איז מיר גע־בליבען הענגען פאַר די אויגען, ווי אַ שוואַרצער שטיק שפּינ־וועבס, נאָכדעם ווי זי איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק, און דער גאָרטען איז ליידיג געווען...

---

דער הערבסט האָט זיך געשלעפּט, הינטער בייזע פאַררע־גענטע הימלען, און שניידיגע ווינטען.

דאַן האָט דער גאָרטען געיאָמערט, דער איינער וואָס האָט אפשר אויפריכטיג געוויינט דעם פריצייטיגען טויט פון זומער

---

אין פראַנקרייך ליידען 8 פּראָצענט פון די פּיינטערס פון פּאַ־ראַליז; אין עסטרייך — 14.5 פּראָצענט; אין ענגלאַנד — 22.7 פּראָצענט.

אין די פאַראייניגטע שטאַטען ליידען 16.6 פּראָצענט פון די פּיינטערס פון פאַרשידענע פאָרמען בליי־פאַרגיפטונג. איי־נער פון יעדע 6 פּיינטערס ... קרבן פון בליי־פאַרגיפטונג.

געקלאָגט אויפ'ן הויכען קול, און זיך געריסען ווי א מאמע איבער איר טויטען קינד...

ווען די אַלייען זיינען געוועזען פאַרלאָזען, די בענק — האָבען ארומגעשוואומען אין וואסער, און די בלעטער — געוויקט און געפוילט, אין די טעג אפילו, האָב איך נישט אויסגעמיטען צו זיין ביים וואסערל, אפשר וועל איך נאָך אמאָל דערזען דעם אַנבליק פון יענעם ענליכען שטיק שפּינוועבס; וואָס ס'איז מיר געבליבען העגנגען פאַר די אויגען...

כ'האָב דאַן געהאַט געזען דאָס מענטש, דורכ'ן בליק פון אירע אויגען, דוכט זיך, נישט אינ'ם זיצען אויף דער באַנק, אינ'ם פאַרזינקען זיין שעה'ן־לאַנג, באַוועגלאָז, נאָר אין יענעם איינעם בליק, ווען זי איז אויפגעשטאַנען פונ'ם אָרט, און זיך ארומגעקוקט...

און אזוי ארומקוקען זיך קען א מענטש, האָב איך געמיינט, — וואָס קוקט זיך צום לעצטען מאָל ארום אויף דער וועלט, איידער ער דערשפּירט ווי די כוואַליעס שלעפּען אים אַראָפּ צום גרונט; פאַרגיסען אַלע זיינע מחשבות, וואָס בלאָנדזשען ביי אים אַרום אונטער'ן שאַרבען פון מוח...

און דער בליק, וואָס האָט מיך ארויסגערופען פון שטוב, אָן א ליכטיגען שמייכעל אויפ'ן פּנים, געטריבען הינטער'ן גאָסרעגען, זיך אדורכצוגיין די טונקלע אַלייען, און איהר זוכען מיט אזא ציטערדיגער מורא... מיך אָנגעהאַלטען ביז נאָך דער האַלבער נאַכט, ארומגעטריבען א מרה־שחורה'דיגען איבער די נעשלענגעלטע שטעגלאַך, וואו כ'בין זיכער געוועזען, ארויסגייענדיג פון איינעם אויפ'ן אנדערען:

— אז, אָט דאָרטען, וועל איך איר אָננעמען פאַר דער האַנט, איר אריינקוקען אין די אויגען, און איר אויסרעדען, איר גרינגער מאַכען...

און אפשר איר ארויספאַלען אויפ'ן האַלז, איר דערוואַרימען מיט די ליפּען, ארויסטרייבען דעם גאַנצען אומעט אירען, אויסזייגען דעם צער, איר פּנים זאָל אָנהייבען שיינען, און ביי מיר זאָל דערמיט גרינגער ווערען, אָפּגעטאָן ווערען די שווערקייט, וואָס זי האָט איבערגעלאָזען מיט איר בליק...

און כ'האָב איר נישט געזען מער...

אפילו אין די זוניגע הערבסט־טעג, ווען די זון האָט געלויכטען... און דער גאָרטען געלאַכט מיט דער געלקייט פון די פאַרוועלקטע בלעטער... דאָס וואסערל איז געוועזען אויפגעלעגען, און האָט גיכער געשיינט... דראָבנע שיפעלאַך זיך אומגעוויגט, לייכט באַוואויגען...

און אויף דער ערד האָבען גערוישט די הויפענס געלע בלעטער, וואָס האָבען זיך נישט געלאָזט מער אזוי ווייך און שטיל צעטרעטען מיט די פיס, נאָר געשריגען הויך אויפ'ן קול, אפילו דאַן איז זי נישט געוועזען, נישט געקומען שוין קענטיג מער...

---

א בליק געוועזען...

א טריבער, אומעטיגער בליק...

און בין נאָכגעגאַנגען נאָך אים, אַליין נישט געוואוסט: צו איר חושך, וואָס איז אין אים געוועזען, — האָט מיך דאָס געצויגען אין אירע טונקעלע וועגען, ס'זאָל מיר דערביי אַליין אפשר אויך גרינגער ווערען...

ווייל, כ'האָב קיין רו נישט געהאַט; ס'האָט זיך מיר כסדר אויסגעוויזען: אַן אומגליק געשיט... גייענדיג אין גאַס, ביים מינדסטען קלאַפּ, שוין זיך אומגעקוקט — אויב ס'איז נישט ווער אַראָפּגעפאַלען פון דער הויך; ביי א הויכען געשריי פון א קינד, זיך שוין אומגעקוקט — צי ס'איז נישט ווער ארונטערגעפאַלען הינטער א שווערען וואָגען...

כ'האָב כסדר געשראָקען...

איר בליק האָט מיך אָנגעשראָקען, און כ'האָב מורא געהאַט פאַר אַן אומגליק; איר בליק, האָט זיך מיר געדוכט, איז דער ערשטער קוק, איידער מ'באַגייט א מעשה־רע, נאָך וועלכען ס'בלייבט שוין מער נישט איבער, ווי דער אנדענקען פון בליק.. און זיך נישט צוגעגלייבט: ס'האָט שוין אזעלכער גע... זאָלט זיין...

---

כ'האָט מיך נאָכאַנאַנד ארומגעטראָגען אויף די וועגען, וואָ... פירען אריין און ארויס פון פּאַרק; כ'האָב געלעבט מיט'ן פּאַרק און אויסגע'חלומ'ט מיט'ן פּאַרק אינאיינעם, די פריע אָווענטע... פון די יונגע הערבסט־טעג...

הינטער די ביימער, אויף פאַרלאָזטע בענק. נישט אויפ... געהערט אריינצוקוקען אין דער ליידינער טיפקייט, וואו איר... בליק האָט אמאָל אריינגעקוקט...

א טיפע לערקייט געוועזען... א הוילע... אמאָל זיך אויסגעצויגען אזוי ווייט, איבער אלע טיפענישען, וואו ס'זיינען אלע... ביימער געוועזען אָפּגעוואשט, אלע וועגלאַך — אראָפּגעראַמט, נאָר... א ליידיגע וויסטקייט...

און אמאָל — געדריבטע וועלדער זיך אָפּגערוט, מיט א טיפער עלטער אויפ'ן קאַרק פון די גראָבע ביימער, און געשיקטע וועלף זאָלען אויף יונגע פאַרשייטע הירשען צאַטעווען...

ס'האָט גאָר אויפגעהערט צו זיין פּאַרק, און וויסטענישען האָבען זיך געצויגען, געלע זאַמדיגע וויסטענישען, זאַמדיגע בערג, אומגעהייערע לאָנקעס, ברייטקייטען, וואסערען; וואסערען טיפע, אויף וועלכע וואסער־מענטשען טאַנצען ארום, טיקען זיך אונטער, און לאָזען דערביי איבער אזא שוים, ווי שיפען וואָלטען פאַרפאַלען געוואָרען אויף יענע ערטער...

ביז דער ווינט פלעגט דורך זיינע צווייגען אראָפּטרייסלען די וואסערען צו מיר אין האַלז אריין, מיך אויפוועקען, און וועלען פאַרטרייבען:

— גיי אהיים, הו, שטיק אומרו, וואָס דו ביזט; א בליק פון א פרוי האָט דיך אזוי צעטראָגען, אז דו זאָלסט דיר מער קיין אָרט נישט קענען געפינען?...

---

דער איינענער, שטילער, טריבער פּאַרק; ס'האָט געטריפט פון די צווייגען, אנטבלויזטע צווייגען, אין די טעג פון שפּעטען הערבסט שוין...

צווישען די קליינע, שיטערע פלעמלאַך האָט זיך נאָך מער געזען די נאַסקייט, אראָפּטריפענדיג איבער דער קאָרע פון די ביימער, צעגיסענדיג זיך אין אזעלכע לאַנגע שנירלאַך איבער דער ערד...

ס'האָט שוין געברויכט זיין שפּעט; דער רעגען האָט דאַן געהאַט א קליין ביסעל אויפגעהערט, און די ערד האָט נאָך געשלונגען די קאַלטע טראָפּענס, ווי אַן אָפּגעשטאַנען פישעל, איידער די דינע פרעסטלאַך האָבען איר געזאָלט אָנטאָן קייטלאַך, און פאַרשפּאַרען ס'מויל צו אָטעמען...

בין איך געשטאַנען, געטראַכט פון זומער, וואו ער רוט זיך ערגעץ אָפּ אין די וואַרימע לענדער, די פייגעל פּישטשען הינטער די פענסטער, און שוואַלבען דראַפּען מיט די פליגלאַך אויף די וואסערען...

כ'קען זאָגען: אז כ'האָב דאַן גאָר נישט געקלערט מער פון איר, און איר בליק, און ווי כ'האָב אים פלוצלונג דערזען; כ'ווייס נישט פון וואַנען, און גאָר נישט נאָכגעטראַכט — צי ס'איז דער אייגענער שאָטען, וואָס איז דאָ ערגעץ געזעסען אזוי פאַרהוילען הינטער'ן וואסערל, כ'ווייס נאָר — ס'איז איר בליק געוועזען... איר בליק...

א טריבער, און נישט קיין טיפערער, נישט קיין ברייטער, נאָר דער אייגענער; כ'בין צומאָלט אויפ'ן אייגענעם אָרט נישט געוועזען, און דער בליק האָט אפשר געקענט קומען פון דאָרטען, פון ערגעץ אנדערש, פון אומעטום, — און ער האָט אים אודאי געזען איבער דער גאַנצער טיפקייט פון פּאַרק, און אלע זיינע ווינקעלאַך...

און כ'בין געגאַנגען אהיים, געקילט, כ'האָב אים מער שוין נישט באַדאַרפען נאָך אמאָל זען.

# די הונגעריגע רוסלאנד

פון א. דאַצענט

אין זומער 1921, ווען עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז א טייל פון רוסלאנד, דער וואָלגא־ראיאָן, האָט געהאט אזא אומגערעטעניש, וועלכע איז אפילו פאר דער ליידענספולער רוסישער געשיכטע אומגעוויינליך, האָט דער ראט פון פאָלקס־קאָמיסארען מיט'ן דעקרעט פון 1־טען יולי ערקלערט די גובערניעס אלס "הונגער־געביט" און האָט באצייכענט אלס די הויפט־ארבעט פון דער רעגירונג צו פארזאָרגען דעם דאָזיגען געביט מיט שפייז און זריעה. שוין אין הערבסט 1921 איז קלאָר געוואָרען דער ברייטער פארנעם פון דעם אומגליק. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער הונגער האָט ארומגעכאפּט מיט זיין טויטען אָטעם אויך דעם דרום'דיגען טייל פון אוקראינע, א טייל פון סיביר און צפון־קאווקאז, די דאָנער און קובאנער געביטען און, ענדליך, די טאטארישע, באשקירישע, קירגיזער און טשובאשער רעפּובליקען; דער פרוכטבארסטער טייל פון רוסלאנד איז פארברענט געוואָרען דורך א שרעקליכער היץ און די שווארצע ערד איז געוועזען באדעקט, אנשטאָט הויכע זאנגען, מיט פארברענטער זריעה און גראָזען.

די צאָל פון דער הונגערענדער באפעלקערונג איז, לויט די אָפיציעלע ידיעות, דערגאנגען ביז 33 און א האלב מיליאָן, פון וועלכע 28 און א האלב מיליאָן געהערען צו דער דאָרפישער באפעלקערונג און 5 מיליאָן צו דער שטאָטישער; דערפון זיינען 630,000 זויג־קינדער, 4,760,000 קינדער אין דער עלטער ביז 7 יאָר און 5,800,000 קינדער ביז 15 יאָר. הי דאָזיגע אָפיציעלע ציפערען, וועלכע זיינען גיכער קלענער ווי די ווירקליכע, ווייל די סטאטיסטיק איז נישט אינגאנצען פולשטענדיג, ווערען באשטעטיגט אויך דורך אנדערע, אויסלענדישע אָרגאניזאציעס, וועלכע נעמען אנטייל אין דער הילפס־אקציע פאר די הונגעריגע. דער רוסישער הונגער פון 1921־22 האָט געשלאָגען א טרויעריגען רעקאָרד אפילו געגען כינע און אינדיען, וואו די צאָל הונגערענדע האָט אין די קריטישע מאָמענטען נישט איבערגעשטיגען די אומגעהייערע סומע פון 20־25 מיליאָן; די צאָל הונגערענדע אין וואָלגא־ און אוראל־ראיאָן אליין דערגרייכט די סומע פון 23 מיליאָן 325 טויזענט מענטשען.

די הונגער־בילדער שטעלען מיט זיך פאָר א קאָשמאר, וואָס שטייגט איבער דעם מענטשליכען פארשטאנד און באגרייפליכקייט: מיט קיין שום ווערטער וועט מען דאָס דאָזיגע גרוילינע בילד נישט איבערגעבען — די שרעקליכסטע ווערטער גיבען נאָר א שוואכען אָפּשיין פון דער ווירקליכקייט.

דער אוקראאינישער רויטער־קרייץ מעלדעט: די גאסען פון יעקאטערינאָסלאוו זיינען אָנגעפילט מיט דעם אומאויפהערליכען וואָיען פון די הונגעריגע קינדער און דערוואקסענע, וועלכע קאָנען שוין נישט בעטען, נאָר שרייען הארצרייסענד נאָך הילף. די קינדער, מיט וואקסענע פנים'ער און ביז צו דער העכסטער מאָס ערשעפּט, זעען אזוי אויס, אז ס'איז שווער צו גלויבען, אז דאָס זיינען לעבעדיגע קינדער און נישט קיין בלאָנדזשענדע קינדער־מתים... אויף דעם שנייי זיצט א מענטש און בעט מער נישט, ער שרייט מער נישט, ער וואָיעט נאָר...

דאָס איז דאָס הונגער־וואָיען.

א פויערטע ליגט, זי וויינט נישט, וואָיעט נישט. די אָנמאכט האָט זי שוין ארומגעכאפּט.

פון פרי ביז שפּעט ביינאכט בלאָנדזשען ארום די דאָזיגע אומגליקליכע אין דער אומזיסטער האָפענונג צו געפינען וועלכע ס'איז הילף, ביז זיי פאלען אנידער אויסגעמאטערטע און שטארבען אויפ'ן אָרט.

אז עס פאלט א פערד, ווארפט זיך דערויף אן עולם הונגעריגע מיט מעסערס, און מען הייבט עס אָן צו שניידען, נאָך איידער עס איז אינגאנצען טויט. ביים פגר קומט פאָר א ווילדע געשלעג פאר יעדער שטיק פלייש, וואָס ווערט טאקע באלד אויפ'ן אָרט אויפגעגעסען.

דער הונגער עסט אויף ביים מענטשען אלע זיינע געפילען און פארוואנדעלט אים אין א פארצייטיגער ווילדער מענטשען־חיה.

אין פיל ערטער דערנערט זיך די באפעלקערונג, לויט די אָפיציעלע ידיעות, מיט מענטשען־פלייש. מען עסט אויף נישט נאָר די קערפּערס פון די פארשטאָרבענע, נאָר מען הרג'עט אָפּטמאָל לעבעדיגע, טיילמאָל די נאָענטסטע, כדי צו שטילען דעם הונגער מיט זייער פלייש. מוטערס הרג'ענען זייערע קינדער... פון סאראטאָווער גובערניע, בוזלוקער אויעזד, דאָרף טשורונאָוו, ווערט איבערגעגעבען אן ערקלערונג פון אן אומגליקליכער מוטער, וועלכע האָט געהונגערט מיט פיר קינדער, פון וועלכע איינס איז קראנק געוועזען. „מיין עלטער מיידעל אננא האָט מיך געבראכט אויף דעם געדאנק צו שעכטען די קראנקע יונגסטע. איך האָב זיך דערויף אנטשלאָסען און האָב זי ביינאכט געשאָכטען, ווען זי איז געשלאָפען. זי איז געוועזען אזוי שוואך און פארשלאָפען, אז זי האָט אפילו קיין געשריי נישט געטאָן אונטער'ן מעסער און האָט נישט געשטעלט קיין שום ווידערשטאנד. דערנאָך האָט מיין עלטסטע „געמאכט“ די געשאָכטענע, ד. ה. זי האָט ארויסגענומען די געדערים און צעשניטען דעם קערפּער אויף שטיקלאך.“

און אזעלכע באריכטען וועגען הרג'ענען מיט'ן ציל אויפצועסען זיינען דאָ א סך. אין פוראטשאָוו, סאמארער גובערניע, זיינען ארעסטירט געוואָרען צוויי פרויען מענטשען־פרעסערינס פון דאָרף קאמענקאָ, וועלכע האָבען אויפגעגעסען צוויי קינדער־קערפּערלאך און די פארשטאָרבענע בעל־הבית'טע פון הויז; אחוץ דעם האָבען זיי געקוילעט צוויי אלטעטשקע, וועלכע זיינען צו זיי געקומען איבערנעכטיגען.

אין סאמארער גובערניע האָט מען שפּעט ביינאכט געכאפּט א פויער מיט פייער ביים הייזעל פון זיין שכן. ער האָט געוואָלט אונטערצינדען דאָס הייזעל, כדי זיינע איינוואוינער זאָלען זיך אין פייער אָפּבהאָטען, און ער וועט זיי שפּעטער עסען, עסען, עסען. מען האָט אים געכאפּט א משוגע'נעם.

די מענטשען־פרעסער מעלדען זיך אָפּט שפּעטער צו דער מאכט. זיי זיינען גרייט צו באקומען וועלכע שטראָף ס'זאָל נישט זיין, ווייל אין פארגלייך מיט די הונגער־יסורים איז פאר זיי גאָרנישט שרעקליך. די אָרטיגע מאכט שטייט הילפלאָז פאר דעם גרייליכען אמת און ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט די מענטשען־פרעסער. די „פּראַוודא“ פרעגט: וואָס איז דאָס: פארברעכער אָדער פּסיכיש־אומנאָרמאלע און ברענגט א פּראָטאָקאָל פון א פּריוואט־דאָצענט פון סאמארער אוניווערזיטעט, וועלכער האָט אויסגעפאָרשט א גאנצע ריי „מענטשען־פרעסער פון צוואנציגסטען יאָרהונדערט“. „ביי קיין איינעם האָט מען נישט געקאָנט פעסטשטעלען קיין סימנים פון גייסטיגער צערודערטקייט. די מענטשען־פרעסעריי איז ביי זיי געוועזען נאָר דער סוף פון דעם וואקסענדיגען הונגער־געפיל, וואָס האָט סוף־כל־סוף באקעמפט אלע ווידערשטאנדען. עס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו שטילען דעם הונגער אויף דעם איינציגען אופן, וועלכער איז פאר זיי געשטאנען אָפען. קיין שטענדיגע נייגונגען אין דער דאָזיגער הינזיכט האָבען זיך ביי קיינעם נישט געלאָזען פעסטשטעלען.“

צווישען דער אומגעהייערער, אומענדליך־גרויסער צאָל הונ־
גערענדע זיינען די מענטשען־פרעסער־פאַלען דאָך זייער זעלטען.
מערסטענטיילס שטאַרבט דער רוסישער מענטש שטיל, אָן
יאָמער. אין דעם באַריכט פון דער הילפס־עקספּעדיציע פון דעם
אינטערנאַציאָנאַלען פאַרבאַנד פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען
לעזען מיר: „עס איז קוים צו גלויבען, ווי די דאָזיגע מענטשען
ליידען. דער הונגערענדער ליגט געוויינליך אויף זיין געלעגער,
אָדער אויפ'ן אויוון און ערוואַרט אַזוי זיין טויט. דאָס איינ־
ציגע, צו וואָס ער האָט נאָך כח, איז צלמ'ען זיך, בשעת־מען
טרעט איבער זיין שוועל. ער איז געדולדיג, ווי אַ שעפּסעלע.
אין איין הויז זעט מען אַזוי דערוואַקסענע, און אַ צווייטען נאָר
קינדער, וועמעס עלטערן עס זיינען שוין געשטאָרבען. זיי שטע־
לען מיט זיך פאַר סקעלעטען, און וועלכע עס האַלט זיך נאָך
אַביסעל לעבען. אין טייל פאַלען ווערען ביי די הונגערענדע גע־
שוואָלען דאָס פּנים און די גלידער, אַזוי, אַז אויפ'ן ערשטען בליק
גלויבט מען גאָרנישט, אַז די דאָזיגע מענטשען ליידען הונגער;
אָבער אַז מען באַטראַכט זיי נענטער, דערקענט מען זייער אמת'ע
לאַגע.

עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער געדולדיגקייט
פון רוסישען פויער אויך דאָס, וואָס אונזערע לעבענסמיטעל־וואַ־
גאָנען און אונזערע לאַגערען ווערען נישט באַ'גנב'עט אָדער צע־
ראַבעוועט."

אַזוי כאַראַקטעריזירט אויך דעם רוסישען פויער פּריטיאָף
נאַנסען אין זיין אויפרוף „צום געוויסען פון די פעלקער."

„די מענער צו באַוועגען צו פאַרזייען, זייערע פעלדער,
בשעת די פרויען און קינדער אַרום זיי הונגערען, איז אַ
וואונדער. און דאָך האָבען רוסען דאָס גראַד אין די פאַר־
גאַנגענע חדשים באַוויזען. בשעת זיי האָבען נאָר אויף עטליכע
וואָכען קאָרן, צעאַקערען זיי זייערע פעלדער און פאַרזייען זיי."

ווער האָט זיך אָפּגערופען אויף דעם שטילען, געדולדיגען
אויסשטאַרבען פון רוסישען פאָלק?

דאָס זאַמע אָפּיציעלע אייראָפּע? — ניין — פאַר איהם איז
דער רוסישער הונגער געוועזען אַן אבן־טוב. דעם 8־טען מערץ
האָט טשעמבערלען ערקלערט אין ענגלישען אונטערהויז, אַז די
ענגלישע רעגירונג וועט צוליב דעם ארבעטס־קריזיס אין לאַנד
גאָרנישט אַסיגנירען פאַר די רוסישע הונגערענדע. ערשט ווען
דער דעפּוטאַט אָ'גרעידי, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט פון
וואָלגא־ראַיאָן, האָט דעמאָנסטרירט פאַר די דעפּוטאַטען „ברויט"
פון קאָרע, מיט וועלכען די מענטשען שפּייזען זיך, האָט דער
פּאַרלאַמענט אַסיגנירט 100,000 פונט שטערלינג. מר. דזשאָרדזש
באַרנס האָט ערקלערט, אַז די דאָזיגע סומע איז פּשוט לעכערליך,
ווייל זי גיט קוים די מעגליכקייט צו קויפען 600,000 פּוד זריעה,
בשעת מען דאַרף האָבען מינדעסטענס 60־70 מיליאָן.

די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אָפּגעשלעפּט די פראַגע
וועגען הילף פאַר די הונגערענדע; די אַסיגנירטע 6 מיליאָן
פראַנק זיינען נאָך נישט אָנגעקומען אויפ'ן אָרט, און זיי וועלען
גיכער אוועקגעגעבען ווערען ווראַנגעלס לעגיאָנען, איידער דער
שטאַרבענדיגען רוסישען פויער. די אַמעריקאַנישע הילף איז די
באַדייטענדסטע. די אַמעריקאַנישע אָרגאַניזאַציע „אַרא" שפּייזט
(לויט די אָפּיציעלע ידיעות פון מאַי 1922) 5,643,387 מענטשען
— דאָס איז אַן אומגעהייערע הילף, און וועלכער עס באַטייליגט
זיך אויך אין אַ גרויסער מאָס די אַמעריקאַנישע רעגירונג. אָבער
אין דערזעלבער צייט, וואָס זי שפּייזט דורך הובערט'ן די הונ־
געריגע, ערקלערט זי דורך יוז'ן, אַז זי וועט נישט העלפען דעם
ווידעראויפבוי פון רוסלאַנד אַזוי לאַנג, כל זמן די סאָוועט־רע־
גירונג וועט בלייבען אין רוסלאַנד. אָבער דער ראַדיקאַלער
קאַמף מיט דעם רוסישען הונגער איז מעגליך נאָר מיט דער הילף
פון ווידעראויפבוי פון דער רוסישער צעשטערטער ווירטשאַפט.

עס העלפען די הונגעריגע אַ גאַנצע ריי פילאַנטראָפּישע אָר־
גאַניזאַציעס: דער שוועדישער און דייטשער רויטער קרייץ,
דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־קאָמיטעט, די טרייד־יוניאָנס
און דער ווינער אינטערנאַציאָנאַל, די קוועיקערס און נאַנסענס
אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען שפּייזען די דאָזיגע אַלע אָרגאַניזאַציעס
905,895 מענטשען.

די צענטראַלע און גרעסטע הילפס־אויפגאַבע ליגט אויף
דעם אָפּגעשוואַכטען אָרימען רוסלאַנד. פון דעם באַשיידענעם
מלוכה־זאַפּאַס האָט די סאָוועט־רעגירונג נאָך אין הערבסט
1921 אוועקגעשיקט אין די הונגערענדע גובערניעס 10 און אַ
האַלב מיליאָן פּוד ווינטער־זריעה; אין משך פון דעם יאָהר איז
איבערגעשיקט געוואָרען 24 און אַ האַלב מיליאָן פּוד, ווען אַ חוץ
דעם איז איינגעקויפט געוואָרען אין אויסלאַנד 12 מיליאָן פּוד,
אַ חוץ דעם זיינען צו די „זאַטע" גובערניעס צוגעשריבען גע־
וויסע באַשטימטע צאָלען הונגערענדע, וועלכע ווערען אויפגע־
האַלטען אויפ'ן חשבון פון דער „זאַטער באַפעלקערונג". צו
מאָסקווע אַליין זיינען צוגערעכנט 700,000 הונגערענדע, —
די פויערים באַוואונדערען אַזאַ הערואיזם פון דעם האַלב־הונ־
געריגען מאָסקווע.

נעבען די הערואישע אָנשטרענגונגען פון דער סאָוועט־
רעגירונג צו ראַטעווען די הונגעריגע דאַרף מען דערמאָנען די
הערואישע באַמיאונגען פון פּריטיאָף נאַנסען צו ווירקען אויף
דעם געוויסען פון דער זאַטער וועלט. עס איז פּשוט צו באַ־
וואונדערען זיין עקשנות און אויסגעהאַלטענקייט ביי דער דורכ־
פירונג פון זיין שווערער הומאַניטאַרער עקספּעדיציע. דורך דער
בלאָטע פון די געמיינסטע ליגענס, פּאָליטישע אינטריגעס און
כל המינים בייזוויליגקייטען פירט ער דורך זיין גלייכען וועג
צום געשטעלטען ציל. פון די הונגערענדע וואָלגא־סטעפּעס
איילט ער קיין זשענעווע אויף אַ זיצונג פון פעלקער־בונד, פון
דאָרט קיין לאָנדאָן, פּאַריז, און דאַן ווידער קיין רוסלאַנד.

אָבער די רופענדיגע מעכטיגע שטימע פון פּריטיאָף נאַנסען,
זיין רוף צו די גרויסע און שטאַרקע פון אונזער וועלט וועגען
ראַטעווען די מיליאָנען שטאַרבענדיגע רוסישע פויערים, בלייבט
אַ הילפס־רוף אין אַ מדבר.

---

# די רויז און דער וואָרעם

(פאַבעל)

פון נחום י.

אַ שיינע רויז האָט שטאָלץ געבליט אין גאָרטען,
און מיט איהר פּראַכט באַציערט דעם גאַנצען פּלאַץ אַרום;
און ערגעץ דאָרטען
גאָר אונטען, ביי די וואָרצלען פון דער בלום
אַרומגעקראָכען איז אַ וואָרעם.
און ציענדיג דעם קאָפּ
אַרויף צו און אַראָפּ,
האָט ער זיך צו דער רויז געוואַנדט מיט גיפט:
— וואָס ביזט דו שטענדיג נאָר אין זיך אַליין פאַרטיפט?
דו האַלסט זיך גרויס מיט דעם וואָס דו ביזט שיין!
דאָך זע, אַז איך, — אַ וואָרעם אומווירדיג און קליין, —
נעם ווייניג וואָס אין אַכט
דיין שיינקייט און דיין פּראַכט:
און וויל איך — קריך איך מיר אויף דיר אַרויף —
און בלעטעלווייס פרעס איך דיך אויף . . .

---

איך ווייס ניט ווער פון זיי איז שטאַרק און גרויס,
נאָר אָך און ווי איז צו דער רויז . . .

# דיכטער און קינסטלער פון רענעסאַנס

פון ל. לאָקסאָן

.12

## דער מאַרטירער פון דער נייער וועלט־אנשויאונג

דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, דער מאַרטירער פון דער נייער וועלט־אנשויאונג, איז געווען איינער פון די גרעסטע דענקער און דיכטער פון דער רענעסאַנס עפּאָכע. אַלע שטראַלען פון דעם רענעסאַנס־געדאַנק האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין זיין פילאָזאָפישער סיסטעמע, וואָס איז געווען געבויט אויף דער גרונדלאַגע פון קאָפּערניקס טעאָריע וועגען דער סיסטעמע פון דער וועלט.

ברונאָס וועלט־אנשויאונג איז געווען אין פאָלשטענדיגען ווידערשפּרוך מיט דער הערשענדער גייסטיגער און זיטליכער אָרדענונג. זיין פילאָזאָפיע האָט אים אויף'ן פלאַקער־פייער געבראַכט. די הויפּט באַשולדיגונג קעגען אים איז געווען זיין לערע וועגען דער אומענדליכקייט פון דער וועלט און אַז עס זיינען דאָ אַ סך וועלטען. זיבען יאָר האָט ברונאָ אָפּגעפּינסטערט אין די שרעקליכע טורמעס פון דער אינקוויזיציע, וואָרום די ריכטער־מערדער האָבען נאָך אַלץ ניט אָנגעוואָרען האָפענונג, אַז צולעצט וועט ברונאָ זיך אָפּזאָגען פון זיינע איבערצייגונגען. זיי האָבען זיך אָבער גענאַרט. ברונאָ איז בעסער אויף'ן פייער געגאַנגען, איידער זיך אָפּצוזאָגען פון זיינע איבערצייגונגען.

דעם 17־טען פעברואַר פון דעם יאָר 1600 איז ער לעבעדיגערהייט פאַרברענט געוואָרען אויף'ן שייטערהויפען אין רוים אויף'ן אָפענעם פּלאַץ „קאַמפּאָ דעאי פיאָרי". עס איז פון אים געוואָרען אַ הייפעלע אַש, וואָס דער ווינט האָט בעווייט. דערפאַר האָט זיין באַשאַפענע פילאָזאָפישע סיסטעמע צולעצט געדינט אַלס באַזיס פאַר דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דעם אייראָפּעאישען געדאַנק און זיין לעצטער העלדענטאַט זיך מקריב צו זיין אין נאָמען פון דעם אמת האָט אים געמאַכט ניט נאָר פאַר דעם העלד פון דער רענעסאַנס עפּאָכע, נאָר אויך פאַר דעם נאָבעלסטען פאָרשטייער פון געדאַנק און געפיל פון די נאָכקומענדיגע דורות.

* * *

ערגעץ־וואו שטייט געשריבען, אַז מענטשען זיינען געגליכען צו דער ערד, וואָס טראָגט זיי: אויב דאָס איז אמת בנוגע צו אַלע מענטשען, איז דאָס נאָך טויזענטער מאָל אמת'ער בנוגע צו דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ.

דער שטח צווישען דעם פייער־שפּייענדיגען באַרג וועזוּוויוס און דעם מיטעללענדישען ים איז געווען דער געבורט־פּלאַץ פון דעם דאָזיגען פייערדיגען און אומבאַזיגבאַרען קעמפער, וואָס האָט זיין לעבען אויף'ן פייער געענדיגט.

ברונאָ איז געבאָרען געוואָרען אין'ם יאָר 1548, אין נאָלאַ, אַ פּראָווינציעלע שטאָט פון דעם נעאַפּאָליטאַנישען קייזערטום (איטאַליען). אין יענער צייט איז נאָלאַ געווען אַ צענטער פון גייסטיגען לעבען. ווען מען זאָל דערצו נאָך צוגעבען די וואונדערבאַרע שענקייטען פון די אומגעגענטען, פון דרום־מערב זייט — דער שטענדיג רויכענדיגער וועזוּוויוס, דער דאָזיגער רעשטל פון דעם אור־ערשטען תהו ובהו, די אור־געשטאַלט פון דער אייביג־טעטיגער נאַטור; און פון צפון זייט — כמעט אַ טראָפּישע לאַנדשאַפט מיט אַ פאַנטאַסטישער רייכקייט פון גרינסען, בלומען און ביימער — קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ ווירקונג דער דאָזיגער וואונדערליך־שיינער ווינקעל האָט געהאַט אויף דעם באַגאַבטען איינגעל ברונאָ.

וועגען ברונאָס קינדהייט ווייסען מיר ווייניג. די ערשטע צען יאָר פון זיין לעבען זיינען פאַרלאָפען ביי זייער גוטע באַדינגונגען. צו 15 יאָר איז ברונאָ אריין אין מאָנאַסטיר און האָט גענומען פלייסיג שטודירען ביי דעם מאָנאַך וואַראַנאַ. וואָס האָט דערוועקט דעם 15־יאָריגען רייך באַגאַבטען און פייערדיגען איינגעל אריינצוטרעטען אין מאָנאַסטיר? גיכער פון אַלץ האָט ער געוואָלט דאָרט פאַרענדיגען זיין בילדונג. אין יענע צייטען האָבען די מאָנאַסטירען זיך גערעכענט פאַר די צענטרען פון גייסטיגען לעבען; אויסער דעם האָבען זיי פאַרזיכערט די מאָנאַכען מיטלען צום לעבען און זיי האָבען געגעבען די מעגליכקייטען זיך צו באַשעפטיגען מיט וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע. אין משך פון 12 אָדער 15 יאָר האָט דער יונגער ברונאָ מיט גרויס חשק שטודירט די אַלטע און נייעסטע פילאָזאָפיע און ער האָט ערוואָרבען גרויס וויסען. ער האָט אויך שטודירט קבלה.

ברונאָ, ווייזט אויס בשתיקה פון זיינע מאָנאַסטירישע משגיחים, האָט אָנגעשריבען אַ קאָמעדיע (איל קאַנדעלאַדזשיאַ) „דער לייכטער", און אַ סאַטירע אין דער פאָרם פון אַ דיאַלאָג, „נח'ס קאַסטען". אין דער קאָמעדיע קריטיקירט ברונאָ די אָבערגלויבעריי פון זיינע צייט־מענטשען, זייער גלויבען אין אַלכעמיע און כשוף און לאַכט אויס דעם וויסענשאַפטליכען פעדאַנטיזם פון זיין צייט. דער באַוואוסטער דייטשער היסטאָריקער פון דער דראַמע, קליין, זאָגט, אַז ברונאָס קאָמעדיע „דער לייכטער" וועט ניט אָפּטרעטען פון קיין אַנדער קאָמעדיע סיי אין קראַפט פון טאַלענט און שאַרפזין, סיי אין אַנדערע פּרטים. מאָליער האָט ביי ברונאָן גענומען אַ סך סצענעס פאַר זיינע קאָמעדיען. אויסער דעם האָט ברונאָ אין יענעם פעריאָד אָנגעשריבען אַ סך סאָנעטען, וואָס זיינען שפּעטער פאַרעפענטליכט געוואָרען.

אַ דאַנק זיין זשעניע און אָנגעשטרענגטער אַרבעט האָט ברונאָ נאָך אין מאָנאַסטיר אויסגעאַרבעט זיין זעלבסטשטענדיגע און פאָלשטענדיג אומאָפּהענגיגע וועלט־אנשויאונג, אַ וועלט־אנשויאונג, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט קיין שייכות צו דער קירכליכער לערע. ער האָט אָבער געמוזט באַהאַלטען זיינע איבערצייגונגען. און דאָס האָט זיך אים ניט אינגאַנצען איינגעגעבען צוליב זיין אויפריכטיגקייט און אָפענעם, פייערדיגען כאַראַקטער.

צו 20 יאָר איז ברונאָ געוואָרען אַ גלח אין אַ פּראָווינציעלער שטאָט. אין יענער צייט האָט ער זיך מער פאַרנומען מיט פילאָזאָפיע און אַסטראָנאָמיע. אין יאָר 1575 איז ברונאָ אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר אפּיקורסות. ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ די גלח'ישע קליידער און אַנטלויפט קיין גענואַ, פון דאָרט אַנטלויפט ער קיין נאָלי, ווייל אין גענואַ האָט געווילדעוועט טשומאַ. נאָך פיל וואַנדערונגען קומט ער אָן אין זשענעוואַ, וואו ער האָט אָנגעטאָן וועלטליכע קליידער און האָט פאַרבראַכט אַ קורצע צייט צווישען פרייער פאַרערער. פון זשענעוואַ איז ברונאָ אַוועק אין טולוז, וואו ער איז געוואָרען פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין דער דאָרטיגער אוניווערזיטעט. אין טולוז האָט שפּעטער אויסגעבראָכען אַ בירגער־קריג, וואָס האָט פאַר אים שווער געמאַכט דאָרט צו לעבען. איז ברונאָ אַוועק אין פּאַריז, וואו ער האָט געהאַלטען אַ רייע לעקציעס אין סאָרבאָנאַ און איז שפּעטער דאָרט געוואָרען פּראָפעסאָר. דאָ האָט זיך ברונאָן גוט געלעבט, ער איז אויפגענומען געוואָרען אין די העכסטע קרייזען פון דער פּאַריזער געזעלשאַפט. אָבער אויך דאָ האָט ברונאָס געגנערשאַפט צו אַריסטאָטעלס לערע אים פאַרשאַפט צרות, שונאים האָבען אים ניט געפעלט. ער האָט געמוזט פאַרלאָזען פּאַריז. אין יאָר 1583 האָט ברונאָ זיך באַזעצט אין לאָנדאָן. ער האָט געהאַלטען לעקציעס אין אָקספאָרד, אַרומגערינגעלט פון מאַסען צוהערער און פּראָפעסאָרען.

נאָך פיל וואַנדערונגען, אין פאַרלויף פון 15 יאָר, האָט דער דאָזיגער אַנטלאָפענער מאָנאַך פון דעם דאָמיניקאַנישער אָרדער געמאַכט אַן אומפאַרזיכטיגען טריט און האָט זיך אומגעקערט אין איטאַליען. די ליבע צום פאָטערלאַנד האָט גובר געווען די שרעק פאַר דער אינקוויזיציע. אין ווענעדיג האָט ברונאָן געמסר'ט זיין אייגענער תלמיד. מען האָט אים אַרעסטירט און אָפּגעשיקט אין געפענגניש, וואו ער איז אָפּגעזעסען זיבען יאָר ביז זיין פּראָצעס.

דעם 20־טען יאַנואַר פון יאָר 1600 איז פאָרגעקומען ד

לעצטע באראטונג וועגען ברונאס פראצעס. דעם 9־טען פעברואר איז ברונא אפגעפירט געווארען אין דעם פאלאץ פון דעם גרויס־אינקוויזיטאר קארדינאל מאדרוטשי, און דארט, אין דער אנוועזענהייט פון בארימטע טעאלאגען, האט מען אים געצוואונגען זיך צו שטעלען אויף די קני און אויסהערען דעם אורטייל. מ'האט פון אים צוגענומען דעם גייסטליכען טיטעל און אים אויסגעשלאסען פון דער קירך. נאכדעם האט מען אים איבערגעגעבען צו דער וועלטליכער מאכט מיט דער ביטע, „אז מען זאל אים באשטראפען אזוי מילד ווי מעגליך און ניט פארגיסען זיין בלוט.“ דאס איז געווען די היפאקריטישע פארמול, אין וועלכען די אינקוויזיציע פלעגט פאר'משפט'ן אירע קרבנות. ניט פארגיסען דאס בלוט האט געמיינט — פארברענען אויפ'ן פייער.

ברונא האט זיך די גאנצע צייט געהאלטען מיט אומערשיטערליכער רואיגקייט און ווערדע. נאר אויסהערענדיג דעם פסק דין האט ער שטאלץ אויפגעהויבען דעם קאפ און מיט א דראענדיגען טאן געזאגט צו די ריכטער: „ס'קאן זיין, אז איר זאגט ארויס אייער אורטייל מיט א גרעסערער מורא, ווי איך הער אים אויס.“

דער איטאליענישער פרילינג האט געבליט און געדופט. אין דעם בלאען עטער האבען פייגעל געצווישערט, און די מירטען וועלדלאך האבען נאכטיגאלען געזונגען. אין רוים האבען די קלויסטער־גלאקען אנגעזאגט א גרויסען פייערטאג. קלימענטוס דער 8־טער, אט יענער קלוגער און פרומער פאפסט, וואס אים האט זיך איינגעגעבען אומצוקערען העתריך דעם 4־טען אויפ'ן שפיץ פון דער קאטאלישער קירך, האט אפגעריכט זיין יבילוי. רוים האט געווימעלט מיט פילגרימען פון אלע לענדער. ביז פופציג קארדינאלען זיינען געקומען צום יום־טוב; די העכסטע פארשוינען פון דער קאטאלישער קירך האבען זיך פארזאמעלט ארום זייער היילּיגען פארשטייער און געווארט אויף דער שחפה פון ברונא דעם אפיקורוס.

כדי אפצושוואכען דאס מיטליידס־געפיל פון המון, פלעגט די אינקוויזיציע פאראייניגען דאס לעכערליכע מיט'ן קאמישען. די אינקוויזיציע פלעגט אויסרעכענען מיט דער אריגינאלטעט פון דער פראצעסע היימלאך צו מאכען דעם המון. דעם פאראורטיילטען פלעגט מען מיט באזונדערער פייערליכקייט פירען צום הינריכטונגס־פלאץ; די בלוט־רויטע פאן פלעגט מען טראגען פאראויס; אלע גלאקען פלעגען קלינגען; פאראויס פלעגען גיין גלחים אין פולען יוניפארם און זינגען הימנען. הינטער זיי פלעגט גיין דער פאר'משפט'ער זינדיגער אנגעטאן אין א געלען קיטעל, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעמאלט שווארצע שדים. אויפ'ן קאפ פלעגט ער טראגען א פאפירענעם קאלפאק, וואס האט זיך אויבען פארענדיגט מיט א מענטשליכער פיגור, וועלכע איז געווען ארומגעכאפט מיט פייערדיגע צונגען און ארומגערינגעלט מיט עקעלהאפטע דעמאנס. דעם צלם פלעגט מען טראגען אין א זייט פון דעם פאר'משפט'ן, מחמת פאר אים איז שוין קיין רעטונג ניט געווען. פון איצט אן געהערט זיין שטערבליכער קערפער דעם פייער; .איין אומשטערבליכע נשמה — דעם העלישען פלאם. הינטער'ן זינדיגען פלעגען גיין גייסטליכע אין יום־טוב'דיגע מלבושים, רעגירונגס־לייט און אדעלייט; די „פאטערס“, וואס פלעגען פאר'משפט'ן דעם זינדיגען, פלעגען פארענדיגען די פראצעסיע. מ'האט געקאנט מיינען, אז דאס איז א נפטר, וואס מען פירט צו דער קבורה, דאס איז אבער געווען א לעבעדיגער מענטש, וואס מיט זיינע יסורים האט דער המון זיך פארוויילט. געוויינליך פלעגען אזעלכע הינריכטונגען פארקומען אין טעג פון גרויסע פייערונגען, כדי ם זאלען דערביי זיין וואס מער מענטשען. אין גאר גרויסע ייערטעג פלעגען קומען די קעניגען. זיי פלעגען זיצען אן ילטען, פארנעמענדיג זייערע פלעצער נידעריגער פון דעם רויס־אינקוויזיטאר, צו וועמען עס האט געהעדט דער ערשטער רט אין אזעלכע טעג. און ווער האט געקאנט ניט ציטערען אר'ן טריבונאל, וואס אין זיין רייע האבען אפילו מלכים זיך יט געזעצט?

אט אזא אוטא־דע־פע (פלאקער־פייער) איז צוגעגרייט געארען דעם 17־טען פעברואר פאר דזשיארדאנא ברונא. הונערטער טויזענטער מענטשען האבען געשטראמט צום פלאץ אמפא דעאי פיארי“ אין רוים און האבען באלאגערט די זייגע גאסען, כדי צו זען די פראצעסיע. נאר אט איז ער אליין, ונא. א דארער, א בלאסער, וואס איז פארעלטערט געווארען אין געפענגניש. ער האט א ברייטע קאשטאניען־ברוינע בארד, א גריכישע נאז, גרויסע בלישטשענדיגע אויגען, א הויכען שטערן, הינטער וועלכען עס האבען זיך באהאלטען די גרעסטע און נאבעלסטע מענטשליכע געדאנקען. זיין לעצטען שרעקליכען וועג מאכט ער דורך מיט קלינגענדיגע קייטען אויף די הענט און פיס; עס דאכט זיך, אז ער איז העכער פון אלעמען מיט זיין וואוקס, הגם אין אמת'ן איז ער נידעריגער פון מיטעלען וואוקס. אויף זיינע ליפען שפילט א שמייכעל — א געמיש פון מיטלייד און פאראכטונג.

אט האט שוין די פראצעסיע דערגרייכט איר ציל; עס בלייבט נאך זיך אויפצוהייבען איבער'ן לייטער, וואס פירט צום שייטערהויפען. דער פאר'משפט'ער האט זיך אויפגעהויבען, מען בינדט אים צו מיט א קייט צום סלופ; אונטען בינדט מען אן דאס האלץ, וואס בילדעט דעם שייטערהויפען. דאס פייער פלאקערט; די פייערדיגע צונגען הייבען זיך אויף אלץ העכער און העכער.

אט האבען זיי שוין פארצערט דעם שענדליכען געלען קיטעל און איצט פארנעמען זיי זיך צום נארישען קאלפאק, וואס איז נאך גאנץ אויפ'ן דענקערס קאפ, און אין איין אויגענבליק פארוואנדלען זיי אים אין אש.

איצט זעט מען נאך זיין שטערן און זיינע פראכטפולע, ברוינע האר, וואס האבען ארומגעוויקעלט דעם סלופ, צו וועלכען דער מארטירער איז צוגעקייט. דער פלאקער פארצערט זיי אויך און נעמט זיך צום נאקעטען גוף . . .

ביז דער לעצטער מינוט איז ברונא געווען ביים באוואוסטזיין; ניט איין געבעט, ניט איין זיפץ האט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריסען; די גאנצע צייט פון דער שרפה איז זיין בליק געווען צום הימעל געווענדט. איז דאך ברונא אלעמאל געווען א גלויביגער קאטאליק! האט ער דאך אלעמאל אין גאט געגלויבט!

גאספאר שאפפ, וואס האט די הינריכטונג צוגעזען, האט, קומענדיג אהיים, באשריבען אלע איינצעלהייטען פון דער הינריכטונג אין א בריף צו זיין פריינד. „די דאזיגע שרפה“ — האט ער געשריבען מיט סארקאזם — „האט ברונאן אריבערגעטראגען אין יענע וועלטען, וועלכע ער האט אויסגעטראכט.“

דאס, וואס מיר באטראכטען היינט פאר א העלדישען טויט, איז אין די אויגען פון די צייט־מענטשען געווען א שענדליכע הינריכטונג.

* * *

אויף דעם זעלביגען אפענעם פלאץ אין רוים — „קאמפא דעאי פיארי“ — וואו דזשיארדאנא ברונא איז פארברענט געווארען, האט מען דעם 9־טען יוני פון יאר 1889 אים געשטעלט א גרויסארטיגען דענקמאל, ניט אכטענדיג אויף דעם קאמף, וואס די קלעריקאלען האבען קעגען דעם אנגעפירט. ברונאס סטאטוע האט געמאכט דער באוואוסטער איטאליענישער סקולפטאר עטארע פעראריו. די גאנצע ציוויליזירטע וועלט האט אנטייל גענומען אין דער דאזיגער פייערונג. נאר עטליכע הייזער, וואס זיינען געווען איינגעהילט אין טרויער, און די קאטולישע קירכען, וואס זיינען יענעם טאג געווען פארמאכט, האבען דערמאנט וועגען אן אנדער געזעלשאפטליכער קראפט, וואס האט אמאל געפייערט אין דערזעלביגער שטאט רוים איר נצחון איבער ברונאס אידעען און פערזענליכקייט און איז איצט אריבער אין דער געשיכטע. ברונאס אש, וואס דער ווינט האט צעשפרייט, איז געווען פרוכטבאר — צוזאמען מיט דער אש זיינען אויך פארשפרייט געווארען ברונאס אידעען.

פעראריס סטאטוע שטעלט פאר ברונאן אין פולען וואוקס. אונטען אויפ'ן פאסטאמענט איז פאראן אן אויפשריפט: צו דזשיארדאנא ברונא, 9־טער יוני, 1889, פון א יאהרהונדערט, וואס ער האט פארגעזען, אויף דעם אייגענעם ארט, וואו דער שייטערהויפען איז אנגעצונדען געווארען. דער דענקמאל איז פון די זייטען באצירט מיט באַרעליעפען, וואס שטעלען פאר די הויפט מאמענטען פון ברונאס לעבען: דער דיספוט אין אקספארד, דאס ארויסזאגען דעם טויט־אורטייל איבער אים און די שרפה אויפ'ן פלאקער־פייער. אויסער דעם, אויף יעדער זייט פון דעם פיעדעסטאל זיינען פאראן צו צוויי פארטרעטען פון דענקער — פון ברונאס פארגייער און נאכפאלגער, וואס האבען געליטען פאר זייערע אידעען, אזוי ווי ברונא.

פונדעסטוועגען געפינען זיך אזעלכע, וואס זאגען, אז ווען איינער גייט אויפ'ן פלאקער פאר זיינע אידעען באווייזט דאס

# סיפיליס און אירע סימפּטאָמען

פון דר. יוסף טענענבּוים

סיפיליס איז אַ שטאַרק פאַרבּרייטעטע קראַנקהייט, און כאָטש מיר האָבען היינט אַ בּעסערען בּאַגריף וועגען דער סבּה און דער פאַרשפּרייטונג פון סיפיליס, איז אָבער אַ סבּרא, אַז זי איז היינט מער פאַרשפּרייט ווי אַמאָל.

מיט דער פאַרבּרייטונג פון קולטור, וואָס שטייט אין פאַרבּינדונג מיט אַן אומפאַראויסגעזעענער איבּערטאַשונג פון רוים און צייט, האָט אויך סיפיליס פאַרלאָרען איר אַפּאַטיע און זי שפּינט היינט אַריין אין איר וועבּמאַשין זייער ווייטע פעדים — ווי אַן עכט גרויסע, קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונג. היינט זיינען די סיפיליטישע דראָטען אויסגעשפּאַנט פון איין זייט וועלט בּיז צום אַנדערען, כאָטש בּיז נאָך ניט אַ קורצער צייט צוריק זיינען געוועזען אַ סך ערטער, וואו מען האָט פון דער צרה גאָר ניט געהערט. אָט די „פינסטערע" און „ווילדע" מדינות האָבען טויזענטער יאָהרען געלעבּט אין זייער נאַטירליכער נאַיוועטקייט און ריינקייט, בּיז עס האָבען זיך אויף זיי דערבּאַרעמט בּעל־רחמנות'דיגע „קולטור־טרעגער" און זיי בּאַגליקט מיט זייערע געשאַנקען: היפּאָקריטישע געטער, פאַרפוילטע סחורות, אָפּיום, שנאַפּס, טובּערקולאָזיס און סיפיליס.

מיר אידען זיינען אויך בּאַגליקט געוואָרען מיט „עמאַנציפּאַציע" און זיך בּאַפרייט פון אונזער אַלטער קולטור און ריינע פאַמיליען־טראַדיציעס, און היינט איז סיפיליס אויך אַ אידישער אורח, כאָטש מיט אַ דור צוריק איז אַ אידישער סיפיליטיקער געוועזען זייער זעלטען. מ'געדענקט נאָך די צייט, ווען בּיי שטעלען אַ דיאַגנאָז פלעגט מען אויסשליסען די מעגליכקייט פון סיפיליטישער אַנשטעקונג אויפ'ן גרונד פון אַ אידישען געבּורטס־שיין — היינט איז אַזאַ שטאַנדפּונקט גאַנץ אומבּאַגרינדעט. בּאַזונדערס שטאַרק אַנטוויקעלט האָט זיך די קראַנקהייט זינט דעם קריג און די פיל אומגליקען, וואָס ער האָט געבּרענגט אויף דעם אידישען פאָלק אין מזרח־אייראָפּע. דער קאַמף אַנטקעגען סיפיליס איז היינט אַ סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבּלעם בּיי אַלע פעלקער און טאַקי אויך בּיי אידען.

ווי אַזוי שטעקט מען זיך אָן מיט סיפיליס?

עס זיינען דאָ צוויי וועגען: דער מערסטענס פאַרבּרייטערטער איז דורך דעם געשלעכטליכען פאַרקער. איין סיפיליטיקער בּיים פאַרקער, וואָס איז אַ לענדלאָרד פון ספּיראַכיטס — די קליינטשינגע שרויפענפאָרמיגע מיקראָ־אָרגאַניזמען, וואָס פאַראורזאַכען סיפיליס — איז מכבּד זיין שותף מיט דער מתּנה. בּפרט זיינען מענטשען מיט אַ דעליקאַטער הויט, ווען די הויט איז אַביסעל אָפּגעריבּען, זייער שטאַרק אין געפאַר אַנגעשטעקט צו ווערען. אַזעלכע מענטשען זיינען בּאַזונדערס פאַרפּליכטעט אַכטונג צו געבּען מיט וועמען זיי פאַרקערען. דער צווייטער וועג, וואָס פירט צו סיפיליס ניט דורך געשלעכטליכען פאַרקער, קען קומען פון אַ קוש, אַ בּיס, פון בּאַנוצען סיפיליטיש־אַנגעשטעקטע געשיר און אַזוי ווייטער. איבּער דער פראַגע האָבען מיר גערעדט אין פאַריגען אַרטיקעל. דאָ ווילען מיר אויספירליכער רעדען וועגען די פאָלגען פון סיפיליטישער אַנשטעקונג.

סיפיליס טוט ניט וויי און אויסערליך איז אַמאָל שווער צו דערקענען אויבּ אימיצער האָט סיפיליס. יאָ, אַמאָל ווייסט די פרוי אַליין אויך ניט, צי זי איז קראַנק. ערשט אַרום 10 בּיז 14 טעג נאָכ'ן פאַרקער בּאַמערקט דער מאַן אַ קליינטשיג ברוין געשווירעל אָדער קנויטעל אויפ'ן גליד, וואָס וואַקסט, ווערט האַרט, און אַרום די הויט איז אויך אין אַ צושטאַנד פון אַ האַרטען געשווילעכץ. כאָטש עס צייגט זיך די אַנטצינדונג, טוט אָבער דער געשוויר ניט וויי, סיידען עס איז אַ געמישטע אינפעקציע, דאָס הייסט, ווען עס קומט צו אַ שרוך צווישען די „ספּייראַכיטס" און אַנדערע מיקראָ־אָרגאַניזמען. אָט דאָס איז די ערשטע שטופע פון סיפיליס, און דאָס געשווירעל, וואָס האָט אַ לאַקירענע, בּרוינע פאַרבּ, איז האַרט און טוט ניט וויי, איז טאַקי דאָס, וואָס מען רופט אָן מיט דעם נאָמען **שאַנקער**.

אָט דאָס צו וויסען איז זייער וויכטיג פאַר יעדען, ווייל קיין מענטש אין דער וועלט איז ניט זיכער פאַר דער קראַנקהייט, און אַזוי ווי קיינער האָט ניט קיין פאַרזיכערונגס־פּאַפּירען פאַר לעבען אייבּיג, אַזוי איז אויך קיינער ניט פאַרזיכערט אַנטקעגען סיפיליטישער אינפעקציע. אויך די רבּי'צען נים. בּיי דעם היינטיגען געוואַלטיגען געזעלשאַפטליכען פאַרקער קען יעדערער, אויך דער אומשולדיגסטער מענטש, פאַלען אַ קרבּן פון דער שרעקליכער קראַנקהייט און פון זיין אייגענער אומוויסענהייט ווערען אַ קריפּעל, און ערגער נאָך ווי אַ קריפּעל.

**דער שאַנקער איז די ערשטע סיפיליטישע ערשיינונג.** ער איז אַ פּראָדוקט פון דעם קערפּער, וואָס פאַרטיידיגט זיך אַנטקעגען די „ספּיראַכיטס" און אין דער **ערשטער שטופע פון אינפעקציע קען מען יעדע סיפיליס אויסהיילען**, איידער די ספּיראַכיטס דרינגען אַריין אין קרייזלויף און צעוואַרפען זיך אין דעם גאַנצען קערפּער. דאָס איז אַזוי וויכטיג, אַז אַלע פרומע גלחים וואָלטען געדאַרפט פריידיגען דעם אמת, אַנשטאָט צו פאַרגלאָצען די אויגען מיט אַ כלומר'שט נאַאיווער אומוויסענקייט. אַלע גלאָקען מיט די מיליאָנען צונגען וואָלטען געדאַרפט אויסקלינגען דעם אמת, אַנשטאָט צו פאַרבּום־בּאַמ'ען דעם געזונטען חוש און צו פאַרקלאַפּען דאָס געוויסען. יעדער געשוויר אויפ'ן גליד נאָך אַ פאַרקער, אויך וואָכען נאָך אַ פאַרקער, איז פאַרדעכטיג און עס איז בּעסער צו פרעגען הונדערט נאַרישע קשיות, איידער איינמאָל זיך פאַרבּלאָנדזשען. אמת, ניט יעדער געשוויר איז סיפיליס, אָבער דאָס קען נאָר אַ דאָקטאָר אַנטשיידען, און ווער עס פּסקנ'ט זיך אַליין די „שאלה" איז תּמיד אין געפאַר צו פאַרפּלאָנטערען דעם דין און אָוועקצוהרג'ענען די כשרות פון דעם קערפּער.

אין אַ פּאָר וואָכען נאָך דעם פאַרקער אַנטוויקעלט זיך נאָך אַ צייכען פון ערשטער סיפיליטישער אינפעקציע. די גלענדס ווערען געשוואָלען און האַרט, און מען פילט זיי אין דער

---

...יט, אַז זיינע אידעען זיינען אמת'דיג. דאָס בּאַווייזט נאָר זיין איבּערגעבּענקייט צו זיינע אידעען. רענאַן, צום בּיישפּיל, זאָגט, אַז נאָר רעליגיע און טרוימעריי קאָנען בּאַשאַפען מאַרטירער, אַז דער ניכטערער אמת און די וויסענשאַפט נייטיגען זיך ניט אין זיי. ער מיינט, אַז אַ געלערנטער קאָן זיך עפענטליך אָפּזאָגען פון דעם אמת, וואָס ער אַנערקענט, ווען די מאַכט פאָדערט דאָס, ווען ער איז איבּערצייגט, אַז ניט קוקענדיג אויף זיין אָפּזאָגען זיך, וועט דער אמת אומבּאַמערקט, ווי אַ קלעפּיגע, אַנשטעקענדיגע קראַנקהייט, דאָך זיך פאַרשפּרייטען אין דער געזעלשאַפט. דערבּיי דערמאָנט רענאַן גאַלילעי'ן, וועלכער האָט זיך געפונען פאַר מעגליך, אָן שאָדען פאַר'ן אמת, זיך אָפּצוזאָגען פון זיין לערע וועגען דעם, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון. רענאַן שטעלט גאַלילעי'ן אַנטקעגען דזשיאָרדאַנאָ בּרונאָ, ווי אַ פּוסטען טרוימער און אַ נאַר, וואָס האָט בּעסער געוואָלט דעם טויט איידער זיך אָפּצוזאָגען פון זיין „אומבּאַווייזבּאַרער" פילאָזאָפיע.

לייסטען־געגענט מיט'ן פינגער, ווי האַרטע קערנער. אויך זיי טוען ניט וויי.

די ערשטע שטופע, וואָס איז אַזוי וויכטיג פאַר דער היי־לונג פון סיפילים, דויערט אַרום 4 ביז 6 וואָכען. נאָך 6 וואָכען איז סיפילים ניט מער אַזוי לייכט צו באַקעמפען. די ספּיראָכיטס האָבען גהאַט צייט זיך צו אַנטוויקלען און צו וואַקסען און זיי באַגנוגען זיך ניט מער מיט זייער ביז־איצ־טיגער לאַגע. זיי שטרעבען אַלץ ווייטער און פאַרפּלייצען דעם גאַנצען קערפּער מיט זייִנע באַהאַלטענע חדרי־חדרים. אַט די שטופע, וואָס מען רופט „סעקונדאַרי סיפיליס", צייכענט זיך אויס דורך דער גרעסטער אַנטוויקלונג פון סיפי־ליס, איז דער ריכטיגער סיפיליטישער מבול — און פאַרפּלייצט אַלע אָרגאַנען.

אויסערליך געפינט מען, אַחוץ אַ פאַרגרעסערונג פון כמעט אַלע דריזען, אויך פלעקען־קנויטען, אָדער אַמאָל אויך בלאָזען צעזייט און צעשפּרייט־אויף דער הויט, מייסטענס אויף דעם שטאַם, אָבער אויך אַנדערע קערפּער־טיילען קענען באַפאַלען ווערען, און באַזונדערס איז דאָס דער פאַל אַרום די מויל־ווינקלען און שטערן. סוביעקטיוו איז אָבער מעגליך, אַז דער פּאַציענט זאָל דערביי גאָרניט פילען און אויך דעמאָלט ניט פאַרשטיין זיין צושטאַנד. אַנדערע ווידער לײַדען פון קאָפּ־שמערצען, מאַטקייט און מוסקול־שמערצען. אין דער שטופע איז שוין דאָ, אין יעדען צווייפעלהאַפטען פאַל, די מעגליכקייט צו אַנטשיידען צי סיפילים איז פאַראַן אָדער ניט. דאָס ווערט געטאָן דורך אַ קאָמפּליצירטער בלוט־אונטערזוכונג, וואָס מען רופט מיט דעם נאָמען די וואַסערמאַן־טעסט. אין דער סעקונדאַרער שטופע איז די וואַסערמאַן־טעסט אַ פּאָזיטי־ווע, וואָס ווייזט אָן, אַז די סיפילים איז גענעראַליזירט און אַז דער קערפּער קעמפט אַנטקעגען דער קראַנקהייט.

אַט דער קאַמף פון די בלוטזאַפטען אַנטקעגען סיפילים איז אַ געוואַלטיגער. דער גאַנצער קערפּער מאָבּיליזירט זייִנע קרעפ־טען כדי צו קענען גובר זיין די סיפילים. — מיט וועלכען רע־זולטאַט דער קאַמף ענדיגט זיך, וועלען מיר זען אין דעם נעק־סטען אַרטיקעל.

# מוטער מיינע!

פון מלך ראַוויטש

מוטער מיינע! אויף אַלע וועגען און לאַנגען לעבען
קומט מיר אַקעגען דיין הייליגקייט,
אויפלייכטענדיג פּלוצלונג, אַזוי־ווי אַמאָל נאָך אַ שלאָפ־
לאָזער נאַכט,
דער גרויסער און איינציגער שטערן אין העלער מזרח־זייט.

מוטער מיינע! געהיימער שפּיגעל פון מיין באַוועגטען
לעבען!
פון דיינע אויגענס טרויעריגען צער קומט אַ רוף,
וואָס טרעפט אין דעם וואַלד פון דער נשמה'ס טיף,
ווייט, ווייט ערגעץ די טעג פון מיין קינדהייט.

מוטער מיינע! דורך דעם צער פון דיינע טרויריגע אויגען,
זע איך אַ רעגענשטילען פאַרנאַכט, און אַ רעגענבויגען
ווייט, ווייט איבער פאַרנאַכטליכע הימלען געשפּאַנט:
דער רעגענבויגען פון מיין זיבענפאַרביג לעבען.

מוטער מיינע! קיל זעט אַ ווינט פון צפון און פון מזרח;
זונענפאַרגאַנג — די זיבען פאַרבען לעשען זיך איינע
נאָך דער אַנדערער.
פוסט שטייט דאָס פעלד און טונקלע שאָטענס פאַלען.
מוטער, וואָס בין איך דען מער ווי אַן איינזאַמער,
טרויריגער וואַנדערער?

נפתלי:

## אַלע חודש

(פעליעטאָן)

„קול המון בקול שדי".

דאָס פאָלק האָט גערעדט!

דער רעפערענדום האָט אַ פרעג געטאָן: זאָל דער „פריינד" ער־שיינען (פליז, זעצער פון דער נייער אָרטאָגראַפיע, זעצט ניט „דער־שיינען") אַלע חודש, אָדער אפשר גאָר אַלע דריי חדשים? האָט דאָס פאָלק געענטפערט בקול רם:

— אַלע חודש!

אַ שטיין איז מיר פון האַרצען אַראָפּ.

ווייל דעם אמת געזאָגט, אַז, כאָטש איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז קוים וועט מען נאָר קומען צום פאָלק מיט אַט דער שאלה, וועט קיין אַנדער תשובה ניט קענען זיין. פונדעסטוועגען האָט מיר פאָרט אַביסעלע געטיאַכקעט אין האַרצען, אַז טאָמער, אל תפתח פה לשטן, וועט דער שיקזאַל פון „אונזער פריינד" זיין דערזעלבער ווי פאַר צוויי יאָרען, ווען ער האָט ביים זעלבען פאָלק געבעטען נאָך אַ ניקעל, אָדער ווי פאַריאָרען, ווען ער איז שוין מרוצה געווען צו נעמען כאָטש איין פעני, און ביידע מאָל האָט דאָס פאָלק געענטפערט: לא נתתי. איך גיב ניט און טו מיר עפּעס!

אַ קשיא וואָס דעם פאָלק קען אַמאָל איינפאַלען!

נאָר דער גרעסטער פּחד, אַז אונזער „פריינד" וועט שוין ניט אַרויס מיט קיין גאַנצע ביינער, איז מיך ערשט באַפאַלען, ווען איך האָב געזען ווי אונזערע חברים פונ'ם „לינקען לאַגער" זיינען זיך פאַר אים אַזוי מוסר נפש, נעמען אָן אַזוינע פייערדיגע רעזאָלוציעס, שיקען אַרויס אויפרוף־צירקולאַרען צו די בּרענטשעס, און עס גייט זיי ממש אין לעבען, אַז דער אָדער יענער פונקט פון רעפערענדום זאָלען אַרונטערגעשטימט ווערען, אבי דער „פריינד" זאָל ניצול ווערען פון די נעגעל פון די „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע" הענקער, און בלייבן לעבען אַלע חודש . . . .

פאַר דער דאָזיגער „אַגיטאַציע" האָב איך שטאַרק מורא געהאַט, ווייל מיר האָבען שוין ניט איינמאָל געזען, אַז דאָרט וואו אונזערע „חברים אַגיטאַטאָרס" מישען זיך אַריין און ווילען דוקא „זייער" איינפלוס" אויסאיבען, הערט מען זיי, ווי אויף להכעיס, פונקט ווי דעם פאַראַיאָריגען שניי . . . .

אַט פאַר דעם „צו־להכעיס" האָב איך שטאַרק מורא געהאַט.

און ווי אַזוי „אונזער פריינד" איז פון דעם דאָזיגען פייע־פאָרט אַרויס אָן אַ ברעקעל „דעמעדזש" איז פשוט שווער צו פאַרשטיין. ס'איז בכלל שווער צו פאַרשטיין צו וואָס מען האָט אין מיטע הרינען דעם גאַנצען עסק באַדאַרפט.

שוין באַלד צוועלף יאָר אַז דער דאָזיגער „פריינד" אונזערע גייט אַרום אויף גאָטס ערד און מוטשעט זיך. אַלע שבעי מדורי גהינ האָט ער שוין דורכגעמאַכט. ער האָט שוין גאַנצע דריי רעדאַקטאָרע דעם לעבען פאַרביטערט (דעם פערטען בין איך אויך ניט מקנא . . .) איבער אַ מנין „עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס" האָט ער געגעבען געגנ פעפער צו שמעקען, ער איז שוין אַרויס אין אַ גרויסען פאָרמאַט מי קליינע—דעפיציטען, און אַ קליינעם פאָרמאַט מיט גרויסע—דעפי ציטען. ער איז שוין אַרויס איינמאָל אין צוויי חדשים, איינמאָל אי דריי חדשים, — עס האָט שוין באַלד געהאַלטען דערביי, אַז ער זאָ אַרויס איינמאָל אין פיר חדשים. און כאָטש ער האָט זיך שוין צע יאָר נאָכאַנאַנד געשלעפּט צו קאָנווענשאָנס און זיך דאָרט געגנג צרות חרפות און בושות אָנגעליטען, און מ'האָט אים אַלע מאָל צו ד „תוכחה" אויפגערופען, פונדעסטוועגען פלעגט ער זיך יעדעס מא אַהיים פאָרען, גלייך ווי ניט אים מיינט מען דאָס, זיך ווייטער ג לעבט און זיך ווייטער־געמוטשעט. און דאָ מיט אַמאָל, עפּעס אַז ווי פון דער העלער הויט, האָט מען אין טאָראָנטאָ זיך צו אים אַ נ געטאָן און איינס־צוויי־דריי האָט מען פון אים אַזוי מיר ניט, די ניט, שיער פאַר אַ פאַר בר־מנן געמאַכט . . . .

ס'איז זיין מערכה געווען וואָס צו די צרות האָט ער געהאַט דאָ גליק אין גוטע הענט אַריינצופאַלען, צו אַ טשערמאַן דוקא שוין איינ

# די נוירס און דער דאָקטאָר

(דערציילונג)

פון אל. גוריה

דער קראַנקער האָט אַ קרעכץ געטאָן און ס'האָט אויסגעוויזען ווי מיט דעם קרעכץ האָבען אַלע ווינקעלאַך איבערגע'חזר'ט. די ווענט, די ווייסע, גלאַנציגע, געוואַשענע און באַגאָסענע מיט שטילען ווייסען ליכט האָבען געוואַכט אַרום דעם קראַנקען מיט אַן איינגעהאַלטענעם שטילשווייגען.

פון דעם ווייסען בעט, אויף וועלכען דער קראַנקער האָט זיך געדרייט און געקרעכצט, און פון די איבעריגע שטיקלאַך מעבעל, וואָס איז ערלויבט אין אַ שפּיטאָל, האָט אַראָפּגעווייט אַ פאַרזיכטיגע ריינקייט און קאַלטקייט.

דער דאָקטאָר איז געווען נאָר־וואָס אַרויסגעגאַנגען פון דעם צימערל, וואו ער האָט זיך געהאַט פאַרזאַמט אַ שפּאַרע צייט, אַרבעטענדיג איבער'ן קראַנקען. דער דאָקטאָר איז געווען זייער צופרידען, ווען ער האָט אָפּגעלאָזט דעם קראַנקען און זיך געווענדט צו דער נוירס, זאָגענדיג איר וואָס זי האָט פון איר זייט צו טאָן, אַ גלעט געטאָן אירע פּלייצעס און איז אַרויס.

דער קראַנקער איז געלעגען מיט'ן פּנים אַרויף, נאָר אָפּגעקערט די אויגען אויף אַ זייט. אים הפּנים האָט ווייניג וואָס געאַרט אי דער דאָקטאָר, אי די נוירס; ער האָט געקוקט אויף די ווייסע ווענט, נאָר ס'איז געווען קענטיג, אַז אויך די ווענט אינטערעסירען אים ניט, ווי עס האָט אים ניט פאַראינטערעסירט צו וויסען וואָס די נוירס וויל פון אים, ווען איצט, נאָכ'ן דאָקטאָרס אַרויסגיין, האָט זי גענומען זיך פּאָרען אַרום אים. שפּעטער איז ער איינגעשלאָפען.

די נוירס האָט איצט געקענט אַרויסגיין פון'ם צימערל — דער קראַנקער איז דאָ געשלאָפען. ער האָט איצט זיך ניט גענייטיגט אין איר הילף, און זי האָט אַליין אויך שוין ניט געהאַט מיט וואָס אים צו העלפען. אַלץ וואָס זי האָט געקענט טאָן האָט זי געטאָן. דאָך איז זי געבליבען אין דעם קליינעם ווייסען צימערל מיט'ן קראַנקען.

ניט אין זין האָבענדיג איצט די הענט אירע, האָבען זיי זיך, אַט די ווייסע הענט, ווי זיי וואָלטען געוואוסט פון דער פריי'ד וואָס איז אין איר אַרומגעגאַנגען, אַריינגעלייגט זיך אַליין איינע אין דער אַנדערער, אויך צופרידענע, גליקליבע — — גאָט צום דאַנק...

זי האָט עטליכע מאָל זיך איינגעקוקט אינ'ם קראַנקענס פּנים. אינ'ם שלאָף האָט זיין פּנים אָנגענומען אַזאַ לעבענספולען אויסזען, ווי ביי אַ געזונטען. דער אָטעם האָט אויך אָנגעזאָגט, אַז דער קראַנקער בעסערט זיך און וועט געזונט ווערען.

און דער נוירס האָט זיך אויסגעוויזען, ווי איבער איר אָדער הינטער איר שטייט דאָס יונג ווייבעלע, וואָס האָט באַגלייט דעם דאָזיגען קראַנקען צו אָט דעם בעט און וועלכע האָט זיך געשלאָגען אין פאַרצווייפלונג ניט אַרויסברענגענדיג קיין קול און אומגלויבליך געקוקט דעם דאָקטאָר אין פּנים אַריין.

מיט אַ זעלטענער מאָדנער רואיגקייט און איבערלייגונג האָט דאָס ווייבעלע אויסגעהערט דעם דאָקטאָרס פאַרזיכערען וועגען אַ באַלדיגער הילף, און ווען זי האָט געהערט אַז זי דאַרף

---

מאָל אַ „רעכטען“. אַ איד קאַטאָרי, וועלכער פאַרשטייט גאַנץ גוט פּירוש המילות, אַנן אַז ער האָט פאַרטייטשט אַז דער פּסוק מיינט: רעפערענדום, איז דעם אָרימען, דערשלאָגענעם פריינד, ביי וועמען די נשמה איז שוין געלעגען כמעט אויף דער שפּיץ נאָז, אַבי־סעלע ליכטיגער געוואָרען אין די אויגען...

מילא, זאָל עס זיין דורך זכות פון אַ טשערמאַן, ווי זאָגט מען דאָרט, זאָל זיין פון אַ קאָזאַק אַבי צום לעבען. אָבער צו וואָס מען האָט אין גאַנצען געדאַרפט דעם דאָזיגען עסק בלייבט נאָך אַלץ אַ קשיא.

האָט מען דען געדאַרפט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל באַשליסען, אַז דער „פריינד“ זאָל ערשיינען אַלע דריי חדשים? אָן אַזאַ באַשלוס איז דען אַנדערש געווען? אָט איז דאָך דער „פריינד“ פאַר די לעצטע צוויי יאָר אָן אַ באַשלוס פון קאָנווענשאָן אויך ניט מער ערשינען ווי איינמאָל אין צוויי, אַפילו איינמאָל אין דריי חדשים. אמת, ס'האָט געטראָפען אַז דורך די צוויי יאָר האָבען זיך אויך דורכגעוואָרפען עטליכע נומערען, וואָס זיינען ערשינען אַלע חודש. דאָס איז אָבער געווען בלויז אין אַ יומא דפּגרא: אַ קאָנווענשאָן נומער, אַ סאַניטאַריום נומער, אַ צען־יעריגער־פריינד־יובילעאום נומער, אָדער אַ ספּעציעלער „מאַסאַטשוזעטס־זיג“ נומער. אָבער ווייטער איז דאָך דער „פריינד“ אַרויס רעגעלמעסיג אַלע — צוויי חדשים. היינט צו וואָס האָט מען זיך ביי דער קאָנווענשאָן געדאַרפט נאַריש מאַכען און ערשט באַשליסען, אַז דער „פריינד“ זאָל ניט ערשיינען יעדען חודש? קאָנווענשאָן שפּקת היית, מה ראה לשטות זה?

תיקו, בלייבט אַ קשיא!

אונזערע חברים פון „לינקס“ האָבען אַפילו יאָ געפונען אַ תירוץ. אויף צו געפינען תירוצים זיינען זיי גרויסע בריות. ביי זיי איז אַלץ פון אויבען אויף, אָן הינטערפיסלאַך, פאַרשטייט איר מיך האָבען זיי טאַקי ביי זייער אַזוי־צו־זאָגענדיגער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“ איז אַ רעזאָלוציע געזאָגט, לאמר, אַזוי צו זאָגען: היות, אַזוי ווי ביי די „היינטיגע פירער“ פון אַרבעטער־רינג איז דאָ אַ טענדענץ, אַז ס'זאָלען זיין וואָס ווייניגער אַרבעטער־צייטונגען, דערפאַר ווילען זיי אַ דריי־מאָנאַטליכען „פריינד“...

ס'איז אָבער בלאָטע! ניט מער ווי אַ תירוץ פאַר די ווערים... ניין! ס'ליגען די מעשה, ניט די „היינטיגע“, און אַפילו ניט די „נעכטיגע“ פירער האָבען ווען עס איז געקוקט אויף דעם „פריינד“ ווי אויף אַן „אַרבעטער־צייטונג“. ניטאָ ביי זיי קיין טענדענצען. דאָס הייסט טענדענצען זיינען יאָ פאַראַן, אָבער ניט אַזעלכע. די גאַנצע מעשה מיט'ן „פריינד“ ליגט זיי אַפילו ניט אין די לינקע פּיאַטעס...

וואָס זשע איז פאָרט געווען?

ניט קענענדיג געפינען דעם ריכטיגען תירוץ, הייב איך אָן חושד צו זיין, אַז דאָס האָט געמוזט זיין עפּעס אַ מין שפּיצעל, אַ טריק, וואָס די דעלעגאַטען האָבען געוואָלט אָפּשפּילען אונזער רעדאַקטאָר. זיי האָבען מיט אַ כיון געשטימט פאַר אַ דריי־מאָנאַטליכען „פריינד“, כדי ס'זאָל ווערען אַ שטיקעל „ויצעקו“. זיי האָבען מיט אַ כיון אויסגעקליבען דעם דאָזיגען בחור פאַר'ן טשערמאַן פון דער זיצונג, כדי ער זאָל טייטשען: רעפערענדום. און ביי אַ רעפערענדום, מעגען די „איינטיגע“ און די „נעכטיגע“ פירער וועלען אָדער ניט וועלען, וועט שוין זיבער דורכגיין: אַלע חודש. ווייל טאָמער וועט אונזער רעדאַקטאָר נעמען אונטערפאַנפען און אַרויסגעבען דעם „פריינד“, הוינט יאָ, מאָרגען ניט, נעמען דערציילען מעשׂות וועגען פּאַפּיר, דרוק, עקספּעדיציע, און אַנדערע תירוצים, און ווי דער שטייגער איז, וועט דאָך דער „פריינד“ אַרויס איינמאָל אין עטליכע חדשים, זאָל מען אים קענען שטעכען די אויגען און זאָגען: מיסטער רעדאַקטאָר, דאָס וועט ניט גיין, דער רעפערענדום, דאָס פאָלק האָט געזאָגט: אַלע חודש! מאַ זייט זשע מוחל גיט אונז דעם „פריינד“ טאַקי אַלע חודש!

אדרבא, לאָמיר זען, צי וועט אַפילו אַ רעדאַקטאָר האָבען די חוצפּה צו וועלען „אָפּפּאַנפּענען“ אַ באַשלוס פון אַ רעפערענדום! נאָ סער, ער וועט דאָס ניט וואַגען צו טאָן. אַצינד, אַז מ'האָט געזאָגט אַלע חודש, וועט עס מוזען זיין אַלע חודש!

און כדי ער זאָל דאָך ניט קענען ווידערשפּעניגען און אַלץ הערען דעם עולם ווי דער קאַץ, האָט מען אים טאַקע דערפאַר צוגעזעצט נאָך צוויי רעדאַקטאָרים, וואָס זאָלען האַלטען אַ „רעכט“ אויג אויף אים און אים היטען.

אוי דאַרף מען אים היטען!

צי דאָס איז טאַקע געווען אַ שפּיצעל אָדער ניט, גוט איז עס אָבער. נקמה גענומען פון רעדאַקטאָר האָט מען? דעם „פריינד“ וועט איר מוזען קריגען אַלע חודש? וואָס זשע נאָך ווילט איר?..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אגב אורחא, אַז שוין יאָ אַלע חודש, מעגט איר טאַקע אַ פרעג טאָן ביים רעדאַקטאָר, צי וועט דער אָקטאָבער נומער „פריינד“ גיין צום דרוק אַרום ענדע חודש דעצעמבער?...

פּאַרלאָזען דאָס שפּיטאָל איז זי אַלץ געשטאַנען אַזוי מאָדנע רואיג, נאָר ערשט ווען ס'האָט עפּעס אַ בליאַסק געטאָן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שאַרף מעסער וואָלט וואָס אָפּהאַקען צווישען דעם מאַן און איר, איז זי אַ פאַרוואונדערטע אַרויס פון'ם צימערל איבערלאָזענדיג דעם קראַנקען מאַן. אָט די ווייבעלע שטייט איצט הינטער איר אַ דערפרייטע, אַ צופרידענע. — גאָט צום דאַנק...

און די נוירס האָט זיך דערפילט ניט ווייניגער צופרידען, כמעט גליקליך. די דאָזיגע גליקליכקייט האָט זיך אַראָפּגעגאָסען פון די ריינע ווענט, פון דער נאַכט, פון דעם שטילען דרויסען. עס איז מיט איר פול געוואָרען איר האַרץ.

און די ווייסע הענט, לאַנגע און דערפרייטע, זיינען אַלץ אַזוי געלעגען איינע אין דער אַנדערער.

מיט אָט דער גליקליכקייט האָט זי זיך גענומען באַוועגען הין און צוריק איבער'ן קליינעם צימערל און געטראַכט, אַז אויף דער ערד גייט נאָך אַרום אַזוי פיל גליק, וואָס ווערט פון צייט צו צייט אומגעריכטערהייט צו אימיצען געגעבען; נאָר פאַר־וואָס איז איצט געקומען צו איר אַזאַ גרויסע דערפרייטע מינוט, אַזוי ווי דאָ אין בעט וואָלט ליגען אַ צוריקגערופענער צום לעבען איר אייגענער מאַן — וועגען דעם האָט זי ניט נאָכגעטראַכט, כאָטש דער דאָזיגער געדאַנק האָט זיך געשפּאַרט צו איר.

— פאַרוואָס טאַקע איז איצט געקומען אַזאַ דערפרייטע מינוט צו מיר? — האָט זי ענדליך זיך אָפּגעשטעלט און אַ טראַכט געטאָן.

דער קראַנקער האָט זיך זיפצענדיג אַדורכגעוואָרפען אין בעט. די נוירס איז גיך צוגעגאַנגען צו אים. ער האָט זיך באַלד גענומען באַרואיגען.

זי האָט געזען ווי ער מאַכט עפּעס מיט די ליפּען, ווי ער דרייט הין און צוריק מיט'ן קאָפּ און בלייבט ענדליך רואיג און שלאָפט איין.

נאָכדעם, האָט אַן אומאַנגענעמער פיבער זיך גענומען אַריינ'גנב'ענען אין דער נוירס, ווי ס'וואָלט אַ יאַג געטאָן מיט קעלט פון אָט די ווענט אַרום; פון ווייסען טישעל, פון ווייסען בעט, און פון דער פרייד, וואָס האָט זיך דאָ ביים בעט דער־הויבען און זיך צעוואַקסען און גרויס געוואָרען פאַר איינער, וואָס דאַרף מאָרגען קומען זי נעמען.

די נוירס האָט אַ ציטער געטאָן, ניט פאַרשטייענדיג וואָס אַזעלכעס מיט איר האָט פּאַסירט. ניט ווילענדיג האָט זי וועגען זיך אַ טראַכט געטאָן ווי וועגען אַן אומבאַהאָלפענער, ווי וועגען די אומגליקליכסטע פון אַלע אומגליקליכע, ווי וועגען די קראַנק־סטע פון אַלע קראַנקע. דאָס לעבען האָט זיך פון איר אָפּגע־טיילט. דאָס גליק האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר, ווי נאָר זי איז אויף דער וועלט געקומען. מיט איר איז תמיד נאָר געווען איר צאַרטע דינע נשמה, וואָס איז געשטראָפט אויסצוגיין אין שטיל־קייט. מיט איר זיינען אויך אויף דער וועלט געקומען געדאַנקען, נאָר זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט אָנגעשלאָגען אָן אַנדערע; אויך אירע באַוועגונגען זיינען ניט באַמערקט געוואָרען פון אַנדערע. און איר יוגענט? עפּעס האָט עס זיך אַזוי גיך אָפּגעטראָגען. וכט זיך אַנטלאָפען געוואָרען, ווי אַ קליין צאַרט לידעלע, וואָס ען זינגט אָפּ אין איין רגע, און דער מאָטיוו, פון וועלכען עס איז אַזוי שווער צו כאַפּען; נאָר טיילמאָל אין געוויסע רגע'ס, ט אַזוי ווי איצט, צעקלינגען זיך אירע ווייטע נאָטען.

— געווען אַמאָל ליבע? געטראַכט אַמאָל וועגען אַ מאַן? וכט זיך קיינמאָל ניט. קיינמאָל ניט. נאָר וועגען ליבע האָט י דאָך ניט איינמאָל געטראַכט און ניט איינמאָל אין אַ גליק־יכער רגע אַ געשריי געטאָן: „איך ליב!“

און אפשר האָט זי אין אַזאַ רגע טאַקע געליבט? עפּעס אָט דאָך געמוזט זיין אַזעלכעס וואָס איז נאָענט געווען צום האַרץ!

איז דאָס אָבער געווען ליבע צו אַ מאַן?

דאָס איז גאָרניט געווען. גאָרניט געווען.

אַמאָל איז איר געפעלען געווען אַ שטיפערישער געדאַנק.

אַז זי איז דער ריכטיגסטער מענטש, ווייל אָט איז זי דאָך יונ־געהייט אַוועק צווישען מענטשען!

איר איז אַמאָל געפעלען געוואָרען דאָס ווייסע קליידען זיך פון אַ נוירס און זי איז אַ נוירס געוואָרען, אָט אַזאַ ווי זי האָט זיך געוואונשען.

איצט אָבער ליגט אַ שווערער היזק אין דער נשמה, אין דער האָפענונג, אין דער רואיגקייט. מיט טויזענט שווערע פיס קריכט אַרויף אויף איר די מידקייט. ניט געבעטערגערהייט, ניט געדופענערהייט קריכט שלאַנגענדיג די חרטה און עסט און עסט.

פאַר וועמען איז איר אַרבעט? פאַר וועמען איר שטאַרבען?

זי העלפט אַלעמען ברענגען פרייד און אין דער זעלבער צייט העלפט זי זיך נענטער ברענגען צו דער אַלטקייט.

איז זי שוין דען אַלט געוואָרען?

די נוירס האָט זיך דערמאָנט אָן ווייבעלע, וואָס דאַרף מאָרגען קומען און צוליב וועלכער זי וואַרט עס איצט אין אָט דעם צימערל. זי האָט פאַר יענער אַ פרייד.

דורך דער גלאָז־טיר האָט זי דערזען דעם דאָקטאָר; ער איז געגאַנגען ווי טאַנצענדיג איבער'ן לאַנגען האַלב־באַלויכ־טענעם קאָרידאָר און איז ערגעץ אין אַ טיר פאַרשוואונדען.

ער, דער גלייכער, דער הויכער, שייגער, שוין עטוואָס גרוי־ליכער מאַן מיט דער זעלטענער עלעגאַנטער באַנעמונג, וועלכער האָט שטענדיג געלאָזט זי רופען צו זיך ווען ער איז צוגעגאַנגען צו אַ קראַנקען אין איר אָפּטיילונג, וואו ער האָט געקענט, נאָר ניט געוואָלט, פאַרלאַנגען אָן אַנדערע נוירס.

דער דאָקטאָר האָט שטענדיג ביי איר אַרויסגערופען צו זיך דעם בעסטען טייל פון אירע געפילען.

אויף זיינע פראַגען וועגען די קראַנקע האָט זי שטענדיג גע־ענטפערט שטיפעריש, שמייכלענדיג, אויב עס האָט זיך געהאַנ־דעלט וועגען אַ געבעסערטען קראַנקען, און ווען ס'איז געווען די פראַגע וועגען אַן ערנסטען קראַנקען האָט זי שטענדיג גערעדט מיט טרערען אין קול, אָבער אויך אַזוי זיס, אַזוי ליבליך, ווי צו אַ פאָטער. ער האָט טאַקע געקוקט צו איר מיט אַ שמייכעלע פון אויבען אַראָפּ, אָט ווי מען קוקט אויף קינדער.

זי האָט אים זייער געשעצט און געפילט זיך ווי צוגעבונדען צו אים. באַלד פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי איז דאָ אין שפּיטאָל געקומען נאָר צוליב אים און זי איז געווען גליקליך. זי האָט געפילט פרייד אין איר אַר־בעט און אין איר מי.

איצט אָבער האָט זיין באַווייזען זיך אין קאָרידאָר אַרויס־גערופען אַ נייע געפיל ביי איר. עס האָט זיך עפּעס אין האַרץ אַזאַ וויג געטאָן, עפּעס האָט דאָרט זיך שלאָגען אָנגעהויבען, און אַ זיסליכע פיין האָט וואָס גענומען זיך אויסלעשען, שטיקען אין האַלז און ווערגען.

ווי גוט וואָלט איר געטאָן זי זאָל זיך פאַנאַדערוויינען.

ער, דער הויכער, דער גלייכער עלעגאַנטער מאַן, האָט דאָך זי אַזוי ליב געקראַגען פון ערשטען טאָג אָן און ווי ער האָט זי דער־זען און זי אים האָט דאָך אויך אַזוי ליב געהאַט. אָבער ער האָט אַ פרוי. זי האָט דאָס געוואוסט און ער האָט דאָס גוט געדענקט.

די טיר האָט זיך שטיל געעפענט. ס'האָט זיך באַוויזען די פיגור פון'ם דאָקטאָר.

די נוירס האָט אַ ציטער געטאָן — אַזוי אומגעריכט אַריינ־געקומען. נאָר פאַרגעסענדיג אָן אַלץ איז זי צו אים צוגעגאַנגען ווי אַלעמאָל, ווי איר געוואוינהייט איז געווען, און האַלב צע־מישט און האַלב שמייכלענדיג דערציילט, אַז דער קראַנקער שלאָפט גוט.

— קומט אביסעל אַרויס. ס'איז גוט זיך דורכצוגיין אין דער איצטיגער נאַכט־לופט.

זי איז נעגאַנגען מיט אים. זי האָט זיין איינלאַדונג אָנ־גענומען ווען ער האָט איר געהאַלטען ביי די הינטען און אַזוי האַלטענדיג זי האָט ער זי שטיל אַרויסגעפירט צו די שטיגען און פון דאָרט אַראָפּ אין גאָרטען.

— מיר, פונקט ווי צוויי קינדער, פילען זיך ווי געטריבען פון אן אינסטינקט גיך ארויסצוגיין פון דעם הויז פון זיפצען און טויט.

אין דרויסען, ניט קוקענדיג וואס ס'איז שוין געווען דער ווייטער הערבסט, האט דאך דער זומער זיך געלאזט נאך אלץ שפירען. די ביימער האבען פונקט ווי אין פרילינג אנגעפילט די לופט מיט זומערדיגען דופט. דער ווינט איז טאקע געווען אביסעל א קאלטליכער, א הערבסטדיגער, נאר אזא מילדער, פרישער.

פארהויכטע קרומע שטראלען פון די גאס-לאמטערן זיינען ארומגעקראכען דא און פארפאלען געווארען אינ'ם נאכט-פינ־סטערניש. דאס שפיטאל איז ארומגענומען געווען מיט נאכט־שטילקייט און איז געשמאנען ווי אין פארטראכטונג.

די נוירס מיט דאקטאר זיינען געגאנגען איבער די שטילע אלייען. זי האט געפילט עפעס אומרואיגקייט אין איר גאנג. זי האט א פאר מאל פארמאכט די אויגען, ווען ער האט זי גע־טוליעט צו זיך; אין אירע אויערען האט ניט אויפגעהערט שרייען אימיצענס קול:

— ער האט דאך א פרוי!

ער האט ביי איר געמאנט זי זאל עפעס רײדען, זי זאל לאזען איר קול הערען. ביי איר איז איצט שוין ניט געווען די שטיפעריגקייט. א גייסטיגער ווייטאג האט איר שארף אדורכ־גענומען און זי האט שוין ניט געקענט רעדען.

מיט אמאל האט ער זיך אראפגעבויגען צו איר און איר א קוש געטאן, וואס ער האט קיינמאל ביז איצט ניט געוואגט צו טאן. זי האט באוויזען שטיל צו פראטעסטירען, נאר ער האט דאן גערעדט צו איר מיט פייער אין זיין קול, ווי א מענטש וואס האט לאנג געשוויגען.

גערעדט האט ער וועגען דעם וועג, אויף וועלכען זיי ביידע גייען; וועגען דאס ניט איינגעגעבענע לעבען, וועגען זייערע צעבראכענע כחות, וועגען זייער צוקונפט, וואס איז נאך אלץ אזוי אין נעבעל.

די נוירס האט געשוויגען, געשוויגען און אין קאפ האט געהאקט און דאס הארץ האט אזוי זיך געפרייט און אזוי זיך גע'ברוגז'ט.

ווען דער דאקטאר און די נוירס זיינען צוריק ארויף אין שפיטאל איז דער קראנקער נאך אלץ געשלאפען.

— גאט צום דאנק...

# באריכט פון דער נאצ. באָרד און דירעקטארס

דער מיטינג פון דער נאצ. באָרד און דירעקטארען ווערט ער־עפענט דאנערשטאג דעם 29־טען יוני, 10 א זייגער מארגענס. עס ווערט אויפגענומען א ראל־קאל און אלע מיטגלידער, באשטייענד פון די פאלגענדע זיינען אנוועזענד:

מ. איוועענסקי, ניו־יארק; אנדרעס, טעקסאס; א. בעלמאן, מי־נעסאטא; ל. בענענסאן, איל.; י. בערענשטיין, מישיגען; ב. גרא־דינסקי, מעין; וו. זאק, קאנעטיקוט; מ. יאנאס, מאס.; מ. ליקמאן, מערילאנד; דזש. מארגאליס, קוויבעק; מ. ל. מילער, ווירדזשיניא; מ. מינדלין, ניו־דזשוירזי; ה. ל. סיימאנס, קאליפארניא; ס. סטרואס, אנטאריא; ס. עטינגער, פענסילווייניא; דזש. פאוולאוו, ראוד איילענד; ד. טיבעסאוויטש, אהייא; טש. רובין, וויסקאנסין.

עס ווערט אנגענומען פאלגענדער טאג־ארדענונג:

1) ערוויילונג פון טשערמאן
2) פראטאקאל פארלעזונג
3) ראל־קאל
4) באריכט פון סעקרעטער
5) צושריפטען
6) באריכטען פון דעלעגאטען צו דער סאניטאריום קאמיטע
באריכט פון דעלעגאט צו דער קאנווענשאן
7) באריכט פון טשערמאן פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע
8) באריכט פון טשערמאן פון דער גריוועגס קאמיטע
9) באריכט פון דזשענעראל סעקרעטער
10) באריכט פון רעדאקטאר פון „פריינד"
11) באריכט פון סאניטאריום קאמיטע
12) באריכט פון עדיוקיישאנאל קאמיטע
13) באריכט פון ארגאניזאציאנס קאמיטע
14) באריכט פון בענעפיט קאמיטע
15) באריכט פון אפיל קאמיטע
16) אויפנעמען קלאגעס און אפילס
17) ערוויילונג פון קאמיטעס
18) קאמיטעס פאר פארשידענע זאכען
19 רעזאלוציעס.

פר. בענענסאן, איל., ווערט ערוויילט טשערמאן פון דער ערשטער זיצונג.

עס ווערט באשלאסען, אז דער פראטאקאל, ווי ער איז געדרוקט אין „פריינד", זאל אנגענומען ווערען פון דער זיצונג.

פר. איוועענסקי, דער סעקרעטער פון דער נ. ב. א. ד., גיט אפ זיין באריכט. ער באריכטעט ווי פאלגט:

פאר דעם לעצטען האלבען יאר זינט דעם ערשטען צוזאמענפאר פון יאנואר איז קיין באזונדערס ניט פארגעקומען. עס זיינען ניט פארגעקומען קיין באדייטענדע אפילס, פאר וועלכען צוועק מען זאל האבען געדארפט רופען די סאב־קאמיטע פון דער נ. ב. א. ד. עס איז נאר געווען איין אפיל, וואס איז ניט פארגעלעזען געווארען צוליב פארזיען, און דאס איז דער אפיל פון פר. לעווין געגען דער סאני־טאריום קאמיטע פאר אויסשליסען אים פון סאניטאריום. גלייך נאך דעם צוזאמענפאר האב איך געהאט א בעראטונג מיט פר. עטינגער און מינדלין און מיר האבען באשלאסען, אז מיר קענען אט דעם אפיל ניט אויפנעמען, ווייל אין דער דאזיגער פראגע האט שוין איין מאל געהאנדעלט די קאנווענשאן. צו דער זעלבער צייט אבער האבען מיר באשלאסען צו רעקאמענדירען דער עקזעקוטיוו קאמיטע אויסצואיבען איר געזעצליך רעכט און רעאינסטייטען פר. לעווין אין סאניטאריום צוליב הומאניטארע גרונדען.

די דאזיגע רעקאמענדאציע איז געשיקט געווארען צו אן אפשטי־מונג צו אלע דירעקטארען און בלויז 3 האבען געשטימט דאגעגען.

צום אפשטימונג איז אויך געשיקט געווארען די רעזאלוציע, אויסגעארבעט פון דער רעזאלוציאנס קאמיטע, באשטייענד פון פר. איוועענסקי, יאנאס און עטינגער, און אויסער ניט וויכטיגע באמער־קונגען, האט די רעזאלוציע באגעגענט די צופרידענהייט פון אלע דירעקטארען.

לײדער איז אבער פאר דער רעזאלוציע ניט אפגעגעבען געווארען די געהעריגע פובליסיטי, וועלכע זי האט פארדינט און דאס באווייזט נאכאמאל, אז די נ. ב. א. ד. האט נאך ניט געפונען דעם פלאץ אין דער פארוואלטונג פון א. ר., צו וועלכען זיי זיינען בארעכטיגט.

פר. איוועענסקי באריכטעט אויך, אז ער האט געשיקט א באגריסונגס־טעלעגראמע אין נאמען פון דער נ. ב. א. ד. צו דעם יובילעאום פון מאיר לאנדאן. אויסער דעם האט ער געענטפערט די גאנצע קארעספאנדענץ און האט אויסגעארבעט דעם רעפארט, וועלכער איז גע־דרוקט געווארען אין טערץ נומער „פריינד". דער באריכט האט זיך פארשפעטיגט צוליב דעם ווייל קיין סטענאגראפער איז פריער ניט באוויליגט געווארען. מען האט געדארפט ווארטען א צייט, ביז וואנען די עקזעקוטיווע האט גוטגעהייסען דעם פארלאנג.

ער באריכטעט אויך, אז א קורצער רעפארט איז אויך געווען אין קאנווענשאן נומער „פריינד". אין אט דעם רעפארט איז דא א קורצער איבערבליק איבער די באשלוסען און רעקאמענדאציעס פון דער נ. ב. א. ד.

עס ווערט באשלאסען, אז אלע צושריפטען, וועלכע זיינען גע־קומען צו דער נ. ב. א. ד., זאלען איבערגעגעבען ווערען א באזונדער קאמיטע און די קאמיטע זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט די, וועלכע האבען די צושריפטען געשיקט.

עס ווערען געשטעלט פראגען צו דעם באריכט.

פר. יאנאס, פון מאס., דענקט, אז דער סעקרעטער טוט ניט זיין פליכט, ווייל ער אינפארמירט ניט די דירעקטארען איבער'ן לאנד פון אלץ וואס ס'קומט פאר אין א. ר.

פר. מילער, ווא., זעצט אויס געגען סעקרעטער, וואס ער האט ניט ארויסגעגעבען די פיקטשורס פון דער נ. ב. א. ד. אין קאנווענשאן נומער „פריינד".

מיט די דאזיגע באמערקונגען ווערט דער באריכט גוטגעהייסען.

פר. סיימאנס, פון קאליפארניא, באריכטעט פון זיין באזוך צום סאניטאריום:

„זייענדיג גוט באקאנט מיט דעם סאניטאריום פון לאס־אנדזשע־לעס, קען איך זאגען, אז דער סאניטאריום פון א. ר. איז א מאדערנע אינסטיטוציע און צופרידענט זיך אויס אויף יעדען געביט מיט דער גוטער באהאנדלונג פון די פאציענטען און אויך מיט די גוטע רע־זולטאטען. איך האב געהאט א מיטינג מיט די פאציענטען און זיי האבען אין אלגעמיין אויסגעדריקט צופרידענהייט מיט דער פארוואל־טונג. זיי האבען געהאט אויסצוזעצען בלויז געגען איין פערזאן.

דער דענטאַל קליניק איז ווירקליך איינע פון די ניצליכסטע זאַכען, פאַר וועלכע דער סאַניטאַריום קאָמיטע קומט אַ גרויסען דאַנק.“

פר. סיימאָנס זעצט אויס געגען דער פאַרוואַלטונג פון דער טשיקען פאַרם. ער דענקט, אַז מען האָט געדאַרפט אָנשטעלען אַ ספּעציאַליסט, אום צו זען אַז די טשיקען פאַרם זאָל ברענגען בעסערע רעזולטאַטען, ווי זי האָט ביז אַהער געבראַכט.

פר. פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד, באַריכטעט, אַז ער איז אויך געוועזען אין סאַניטאַריום און פון זיינע באַאָבאַכטונגען דענקט ער, אַז די פּאַציענטען זיינען צופרידען. ער האָט אויסצוזעצען געגען דעם, וואָס דעם דאָקטאָרס פרוי מישט זיך אין די אַנגעלעגענהייטען פון סאַניטאַריום.

פר. זאַק, קאָנעטיקוט, באַריכטעט, אַז ער האָט דעם סאַניטאַריום באַזוכט ערשט נעכטען און קען אָפּגעבען אַ גרוס, אַז אַלץ איז אין בעסטען אָרדענונג. ער דענקט, אַז עס וואָלט ניט געשאַדט צו זען, אַז די גראַונדס זאָלען בעסער אַטענדעט ווערען. אויב עס איז נויטיג אַנצושטעלען אַ גערטנער־ספּעציאַליסט, וואָלט דאָס אפשר געוועזען זייער פּראַקטיש.

פר. איווענסקי באַריכטעט, אַז אין אַלגעמיין האָט ער ניט צוצוזעצען געגען די אַלע לויב־געזאַנגען, ער וויל זיך אָבער אָפּשטעלען אויף איין זאַך און דאָס איז, אַז די ווירטשאַפטליכע מענעדזשמענט דאַרף זיין אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון דער מעדיצינישער מענעדזשמענט. עס דאַרף ניט באַהאַלטען ווערען דער פאַקט, אַז עס קומען פאָר פיל רייבונגען צווישען מענעדזשער און דאָקטאָר. מיר האָבען אַלס מענעדזשער אַן איבערגעגעבענעם מיטגליד פון אַ. ר., פר. א. אַדלער. פר. אַדלער גיט זיך די גרעסטע מי צו מאַכען עקאָנאָמיע אין די קאָסטען פון סאַניטאַריום. אין אַלגעמיין מאַכט ער אַן איינדרוק פון אַן איבערגעגעבענעם טוער. ליידער אָבער האָט ער פיל שטערונגען פון דעם העד־דאָקטאָר, וועלכער געפינט זיך מאַנכעס מאָל געקריוודעט דערפון, וואָס נאָך איינער האָט אַ דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום. די נ. ב. אַ. ד. דאַרף אַרויסזאָגען די מיינונג צו גונסטען פון אַזאַ סיסטעם, וואו דער דאָקטאָר זאָל גאָר ניט האָבען צו טאָן מיט ווירטשאַפטליכע פראַגען.

פר. יאָנאַס גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער פייערונג פון סאַליטאַריום, צו וועלכער ער איז געוועזען דעלעגירט:

„די פייערונג איז געוועזען אַראַנזשירט אויף דעם שענסטען אופן, ווי אַלע פייערונגען פון סאַניטאַריום קומען פאָר. טראָץ דעם וואָס איך בין געוועזען צו אַ יום־טוב און אין אַלגעמיין איז געוועזען אַ יום־טוב׳דיגע שטימונג, האָב איך אויך באַמערקט דעם זעלבען איבעל, אויף וועלכען פר. איווענסקי האָט אָנגעוויזען, איז נעמליך דאָס וואָס עס קומען פאָר רייבונגען צווישען מענעדזשער און דאָקטאָר“. ער איז אויך מיט דער זעלבער מיינונג, ווי פר. איווענסקי, אַז די נ. ב. אַ. ד. דאַרף נעמען אַ שטעלונג אין אָט דער אַנגעלעגענהייט און מאַכען די געהעריגע רעקאָמענדאַציעס.

די באַריכטען פון די דעלעגאַטען ווערען גוטגעהייסען נאָך אַ קליינער דיסקוסיע.

---

פר. בלאַק, טשערמאַן פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע גיט אָפּ זיין באַריכט:

„מיר האָבען זיך ערשט אינסטאַלירט מיט אַ קורצער צייט צוריק און נאַטירליך קענען מיר פון גרויס טעטיגקייט ניט באַריכטען. מיר ווילען אָבער אָנמערקען אויף איניגע פּרינציפּיעלע קייסעס, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אונזער קאָמיטע. מיר מוזען זאָגען, אַז מיר האָבען זיך געשטעלט אַלס אַן אויפגאַבע צו זיין שטרענג געגען די יעניגע, וועלכע פאַרלעצען די פּרינציפּען פון אַ. ה. מיר האָבען דעריבער באַשלאָסען אויסצושליסען איניגע מיטגלידער, וועגען וועלכע עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז זיי זיינען סקעבס. אויף אַזאַ אופן האָבען מיר אויסגעשלאָסען איינעם אַ מעמבער עט לאַרדזש און מיר האָבען אויך צוריקגעוויזען דעם אַפּיל פון אַ מיטגליד פון בר. 238, האַמאָנד, אינד., וועלכער האָט פאַרקלאָגט דעם ברענטש פאַר אַרויפלייגען אויף אים אַ שטראָף פאַר סקעבען. מיר האָבען אויך געפאַסט אַ באַשלוס, וועלכע איז פון גרויס וויכטיגקייט, און דאָס איז, אַז קייסעס געגען דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט זאָלען קענען אויפגענומען ווערען פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע. מיר האָבען אויך גע׳פּסל׳ט די שטימען פון אַ נאָרפאָלקער ברענטש, וואו עס איז געשטימט געוואָרען ביי פּראָקסיס“.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, וואָס ווערען פאַרענטפערט צופרידענשטעלענד.

דער באַריכט פון דער גריוועַנס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען. דערמיט ווערט די ערשטע זיצונג געשלאָסען.

---

## צווייטע זיצונג

די צווייטע זיצונג פון דער נ. ב. א. ד. ווערט ערעפענט דאָנערשטאָג דעם 29־טען יוני, 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג. פר. מינדלין ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן.

פר. יאָנאַס, פון דער סאָב־קאָמיטע וועגען צושריפטען, באַריכטעט, אַז עס זיינען אַריינגעקומען 3 קלאַגען געגען פר. סיימאָנס, דעם דירעקטאָר פון קאַליפאָרניאַ סטייט. די ערשטע קלאַגע באַשטייט אין דעם, וואָס פר. סיימאָנס איז ניט ערוויילט געוואָרען געזעצליך, ווייל די מיטגלידער פון קאַליפאָרניאַ סטייט האָבען געשטימט ניט פאַר 1 דירעקטאָר, נאָר פאַר 4.

די צווייטע קלאַגע באַשטייט דאַרין וואָס פר. סיימאָנס האָט גענומען $100 פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויף דעם חשבון פון דער קאַליפאָרניאַ דיסט. קאָמ., אין דער צייט ווען די קאַליפאָרניאַ דיסט. קאָמ. האָט אים צו אַזאַ זאַך ניט באַאויפטראַגט. עס ווערט אָנגעדייטעט אין דער קלאַגע, אַז $100 אויסגאַבען האָט ניט געקענט געמאַכט ווערען פאַר דער צייט, אין וועלכער פר. סיימאָנס האָט זיך אָפּגעגעבען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבעט, און אין די פּלעצער, וועלכע ער האָט באַזוכט.

די דריטע קלאַגע געגען פר. סיימאָנס ווערט געמאַכט, אַז ער האָט געהאָלפען שטערען די מיטינגען פון די ברענטשעס.

עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די דריטע קלאַגע זאָל אינגאַנצען געטייבעלט ווערען, ווייל אַ דירעקטאָר האָט אַ רעכט צוצושטיין צו יענער פּאָליטישער ריכטונג, וועלכע איז אים מער סימפּאַטיש. דער דאָזיגער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען.

וועגען דער צווייטער קלאַגע ווערט באַריכטעט, אַז די סאָב־קאָם. האָט רעקאָמענדירט, אַז פר. סיימאָנס זאָל געבען אַ רעכענונג ווי אַזוי ער האָט פאַרספּענט די געלדער. וועגען דעם וואָס פר. סיימאָנס איז ניט געווען אויטאָריזירט פון דער דיסט. קאָמ., ווערט ערקלערט, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדניס, ווייל די אָרגאַנ. קאָמ. האָט באַאויפטראַגט פר. סיימאָנס צו טאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט אויף זייער אייגענער איניציאַטיווע און דאָס האָט מיט דער דיסטריקט קאָמ. גאָר ניט וואָס צו טאָן.

פר. סיימאָנס ערקלערט, אַז די $100 האָט ער געקראָגען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אַלס אַ סומע, וועלכע ער האָט געדענקט, אַז אַזוי פיל דאַרף עס קאָסטען. ער באַמערקט, אַז $55 האָט ער פאַרלאָרען אַלס ווידזשעס, זייענדיג אַן אָנגעשטעלטער אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעקעריי, און $45 איז ביי אים אַוועקגעגאַנגען אויף הוצאות. די דאָזיגע ערקלערונג ווערט אָנגענומען.

די ערשטע קלאַגע ווערט אָפּגעלייגט צו פאַרהאַנדלען.

פר. דזש. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער אָפּיס קאָמיטע, גיט אָפּ זיין באַריכט.

„פאַר דער קורצער צייט זינט מיר זיינען אינסטאַלירט געוואָרען האָבען מיר שוין געהאַט איניגע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען צו ערלעדיגען. זיי האָבען זיך איינגעטיילט אין סאָב־קאָמיטעס, ווי געוויינליך, וועלכע האָבען אויפזיכט איבער דעם, אַז די געלט זאָל דעפּאָזיטעט ווערען פּינקטליך, אין דער צייט, און אויך דורכצוזען אַלע וואַוטשערס, וועלכע עס קומען אַריין אין אָפּיס און זיי „אָ־קיי׳ן“.

אין אַ געוויסען סטייט האָבען מיר געהאַט טראָבעל מיט׳ן טשאַרטער, אָבער איך האָף, אַז אָט דער טראָבעל וועט אין גיכען געשליכטעט ווערען.

די חוב אויף העברי סטריט איז צוריק אָפּגעקויפט געוואָרען פון דעם מאָרגעדזשיר און זיי האָפען, אַז דורך אָט דער אָפּעראַציע וועט פאַרמידען ווערען שאָדען פאַר׳ן אַ. ר. זיי פאַנגען גלייך אָן אַ רעמאָנט און האָפען, אַז דער אָפּיס וועט איצט זיין אַ סך מער באַקוועמער און אָפּשאַפען די ענגשאַפט וואָס ס׳איז ביז אַהער געווען. די עקזעקוטיוו־רום וועט זיין אויפ׳ן 9־טען שטאָק פון „פאָרווערטס“ בילדינג און אַלע דעפּאַרטמענטס וועלען ווערען ריאַראַנזשירט.

ער באַריכטעט אויך, אַז דער אודיטינג דעפּאַרטמענט טוט גוטע אַרבעט און ער האָפט, אַז דער באַשלוס פון קאָנווענשאָן וועט דורכגיין, אַז די ברענטשעס זאָלען זיין פאַרפליכטעט צו שיקען זייערע ביכער צו אונטערזוכען ווען דער אָפּיס וועט דאָס פאַרלאַנגען.

128 בר. זיינען איצט הינטערשטעליג מיט זייערע צאָלונגען און פר. ראָטהמאַן אַפּעלירט צו די דירעקטאָרען זיי זאָלען מיטהעלפען אין דעם און זען, אַז די ברענטשעס זאָלען איינצאָלען זייערע בילס אין צייט.

אין דעם אָפּיס, דענקט פר. ראָהטמאַן, אַז ער איז אין יעדער באַציאונג צופרידענשטעלענד. עס איז פאַראַן ביי זיי איצט אַ פּראָבלעם וואָס צו טאָן מיט די קעש, וועלכע זיי האָבען אין די בייַנק. זיי קענען דאָס געלט אין באָנדס איצט ניט אינוועסטען, ווייל דער מאַרקעט־פּרייז פון באָנדס איז זייער הויך און זיי דענקען דעריבער, אַז עס וואָלט געווען ראַטזאַם צו אינוועסטען דאָס געלט אין מאָרגעדזשעס. זיי באַראַטען זיך מיט אַ לאָיער און מיט עקספּערטען, צו געפינען מיטלען און זען אַז די אַ. ר. פאָנדס זאָלען טראָגען דעם גרעסטען איינקונפט.

עס ווערען אויפגענומען פראַגען צום באַריכט פון דער אָפּיס קאָמיטע, וועלכע ווערען צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט.

---

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע וועגען די וואַלען פון פר. סיימאָנס. עס שטעלט זיך אַרויס פאָלגענדער פאַקט:

ביי דער פאָר־קאָנפערענץ צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר דעם אַמט פון אַ נאַציאָנאַלען דירעקטאָר אין לאָס־אַנדזשעלעס איז אָפּגעמאַכט געוואָרען, אַז אַזוי ווי עס וועט זיין צו שווער פאַר איינעם צו אַטענדען אַלע 4 מיטינגען, ווייל די רייזע פון קאַליפאָרניאַ קיין ניו־יאָרק איז זייער ווייט, איז געמאַכט געוואָרען אַן אַגרימענט. אַז עס זאָלען אַרויסגעשטעלט ווערען 4 קאַנדידאַטען — איין קאַנדידאַט אין

3 אַלטערנייטס. די מיטגלידער האָבן געשטימט ניט פאַר 1 קאַנדידאַט, נאָר פאַר גאַנצע 4. דער אָפיס האָט באַשלאָסען, אַז קיין אַלטערנייטס קענען ניט אנערקענט ווערען און האָט זיי געלאָזט וויסען גלייך ווי די וואַלען זייען געשלאָסען געוואָרען, אַז בלויז איינער וועט אנערקענט ווערען. ביי זיי איז אָבער געמאַכט געוואָרען אַ „דזשענטעלמענס אַגרימענט", אַז פר. סיימאָנס זאָל זיך צוריקציען און לאָזען פלאַץ פאַר די אַלטערנייטס. ווען פר. סיימאָנס איז געקומען צוריק פון ניו־יאָרק קיין קאַליפאָרניא, האָט מען אויסגעקליבען אַ 7־נער קאָמיטע, וועלכע זאָל די פראַגע שליכטען, און די קאָמיטע זאָל רעקאָמענדירען, אַז פר. סיימאָנס זאָל זיך צוריקציען. פר. סיימאָנס איז אָבער דעם באַשלוס ניט נאָכגעקומען.

פר. באַסקין, ערקלערט, אַז מען האָט באַטראַכט אין אָפיס די פראַגע וועגען אַלטערנייטס אַלס אַ וויץ און מען האָט דאָס ערנסט ניט גענומען.

פר. באַסקין ווערט אויפגעפאָדערט צו ברענגען אַ סעמפעל באַלאָט ווי עס איז געשטימט געוואָרען. עס ציינט זיך אַרויס, אַז אויפ'ן באַלאָט זיינען געשטאַנען די נעמען פון די אַלטערנייטס צוזאַמען מיט דעם נאָמען פון קאַנדידאַט פאַר דער נ. ב. א. ד.

עס עפענט זיך אַ דיסקוסיע וועגען דער אַנגעלעגענהייט. פר. עטינגער איז מיט דער מיינונג, אַז פר. סיימאָנס איז בלויז ערוויילט געוואָרען אויף איין האַלב יאָר, און אַזוי ווי דער האַלב יאָר איז שוין פאַראיבער, דאַרף דארום פאָרקומען נייע וואַלען.

פר. פּאַוולאָוו דענקט, אַז אַ „דזשענטעלמענס אַגרימענט" דאַרף זיין הייליג און עס איז דעריבער די פליכט פון פר. סיימאָנס אַליין צו רעזיגנירען.

פר. באָרענשטיין, מיש., באַמערקט, אַז ס'איז אין די אינטערעסען פון פר. סיימאָנס אַליין, ער זאָל זיך צוריקציען. ער וועט געוויס צוריק ערוויילט ווערען, און לאָמיר גיט מאַכען־קיין פרעצעדענט, אַז צוזאַמען מיט אַ קאַנדידאַט פאַר אַ נאַצ. ב. אָ. ד. קענען לויפען אויך אַלטערנייטס.

פר. זאַק, קאָנ., דענקט, אַז עס איז געווען אַ טעות: די ברענטשעס האָבן ניט געוואוסט ווי צו שטימען און דעריבער דאַרפען זיי אַליין טראָגען די קאָנסעקווענסעס.

פר. סטראוס, קענ., דענקט, אַז אַ „דזשענטעלמענס אַגרימענט" איז פיל וויכטיגער ווי אירגענד וועלכער געזעץ, אויב עס איז ווירקליך פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז פר. סיימאָנס זאָל בלויז פאָרען צו איין סעשאָן, דאַרף אָט די פאַרשטענדניס אָפּגעהיט ווערען.

פר. מילער, וואַ., דענקט, אַז די וואַל איז איבערהויפּט געווען ניט געזעצליך, ווייל מיטגלידער האָבן געשטימט פאַר 4 קאַנדידאַטען אין דער צייט ווען זיי האָבן בלויז געדאַרפט שטימען פאַר איינעם.

פר. יאָנאַס, מאַס., דענקט אויך, אַז אַלטערנייטס זיינען ניט געזעצליך און עס איז געווען אַ מיספאַרשטענדניס פון די וואָס האָבן געשטימט, ווייל די וויילער זיינען געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז זיי שטימען דערפאַר, אַז פר. סיימאָנס זאָל איין מאָל פאַרטרעטען זיין סטייט. עס איז זייער מעגליך, אַז ווען קיין אַלטערנייטס וואָלטען אויפ'ן באַלאָט ניט געווען, וואָלטען זיי אינגאַנצען געשטימט געגען סיימאָנס. אויסער דער מאָראַלער זייט איז דער געזעץ דערפאַר, אַז די באַלאָטס זיינען געגען פסול און דעריבער מוזען פאָרקומען נייע וואַלען.

פר. בעלמאַן פרעגט, וואָרום איז די פראַגע ניט אויפגענומען געוואָרען ביי דער ערשטער זיצונג?

פר. בענעסאָן, איל., זאָגט, אַז מיר האָבן קיין קלאַגע ניט געהאַט, דעריבער האָבן מיר ניט געקענט האַנדלען.

פר. מינדלין דענקט, אַז אויב אַפילו געזעצליך איז פר. סיימאָנס ערוויילט געוואָרען, קענען מיר אָבער ניט דולדען, פון מאָראַלישע גרונדען, אַז ביי אונז זאָל זיצען איינער, וועלכער קומט ניט נאָך פאַרשפּרעכונגען.

פר. סיימאָנס ערקלערט:

„עס זיינען אין גאַנצען סטייט פאַראַן בלויז 6 אָדער 7 מענטשען געגען מיר. אַלע מיטגלידער פון אָ. ר. אין קאַליפאָרניא סטייט זיינען מיט מיר. ס'איז געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך מיר צו רעקאָלען, אָבער דער פאַרזוך איז ניט געלונגען. דאָס ציינט, אַז די מיטגלידער דענקען, אַז איך בין דער ערוויילטער דירעקטאָר. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם „דזשענטעלמענס אַגרימענט", מוז איך זאָגען, אַז אַזאַ אַגרימענט איז קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרען. ס'איז אמת, אַז איך האָב געדענקט, אַז אַלטערנייטס זיינען געזעצליך, אָבער ווען דער אָפיס האָט ערקלערט, אַז אַזאַ זאַך איז געגען געזעץ, בלייב איך דער איינציגער ערוויילטער דירעקטאָר און אַלס אַזעלכער דאַרף איך אנערקענט ווערען."

עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג פון פר. אַוווענסקי צו ערקלערען אין אַ רעזאָלוציע, אַז טראָץ דעם וואָס פר. סיימאָנס איז געזעצליך ערוויילט, דריקט אויס די נ. ב. א. ד. איר פאַרלאַנג, אַז פר. סיימאָנס זאָל זיך צוריקציען.

פר. מאַרגאָליס אַמענדירט דעם פאָרשלאַג, אַז עס זאָל אינגאַנצען געאָרדערט ווערען נייע וואַלען. פאַר'ן אַמענדמענט שטימען 15, פאַר'ן פאָרשלאַג 2.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז ביי דער לעצטער זיצונג פון דער נ. ב. א. ד. זאָל געפאַסט ווערען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער דער באַשלוס פון דער נ. ב. א. ד. זאָל ריכטיג אויסגעדריקט ווערען. פר. בערענשטיין ווערט ערוויילט צו פאַסען די רעזאָלוציע.

עס ווערט אויפגענומען דער אַפּיל פון בר. 53 געגען די 2 אַנטשיידונגען פון דער גריוועַנס קאָמיטע. עס איז אַנוועזענד אַ קאָמיטע פון ברענטש, באַשטייענד פון פר. סילווער און יאַבלאָן, וועלכע ערקלערען, אַז אַ געוויסע מעמבערין איז געווען 6 וואָכען קראַנק און זי האָט קיין סערטיפיקייטס צום ברענטש ניט צוגעשטעלט, ווייל זי האָט ניט געוואוסט אַז זי איז באַרעכטיגט צו קראַנקען־בענעפיט פאַר דער קראַנקהייט, פון וועלכער זי האָט געליטען. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז די פריינדין איז ניט באַרעכטיגט צו קיין בענעפיט. זי האָט דאַן אַפּעלירט צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע, וועלכע האָט אַנטשיידען, אַז זי איז ניט נאָר באַרעכטיגט צו אַלגעמיינע בענעפיט, נאָר אויך צו לאָקאַלע בענעפיט. זיי אַפּעלירען דעריבער צו דער נ. ב. א. ד. געגען דער גריוועַנס קאָמיטע, ווייל זיי דענקען, אַז די גריוועַנס קאָמיטע האָט קיין רעכט ניט אַריינצומישען זיך אין לאָקאַלע אַנגעלעגענהייטען פון ברענטש.

דער צווייטער אַפּיל באַציט זיך געגען אַ רעפערענדום פון אַ קאָנפערענץ וועגען אַ 10 סענט טעקס. זייער ברענטש האָט אַפילו געשטימט פאַר'ן טעקס, נאָר דער רעפערענדום איז דורכגעפאַלען, און זיי דענקען דעריבער, אַז זיי זיינען באַפרייט געוואָרען פון זייערע שטימען, וועלכע זיי האָבן געהאַט דערפאַר. דער אָפיס אָבער שטעלט אַלע מאָל אַרויף אויף זייער ביל די 5 סענט, ווייל זיי האָבן געשטימט פאַר'ן רעפערענדום. די גריוועַנס קאָמיטע, צו וועמען זיי האָבען זי געווענדט, האָט גוטגעהייסען די האַנדלונג פון אָפיס. דער ברענטש אָבער דענקט, אַז ווען אַ רעפערענדום פאַלט דורך, איז ער ניט בינדענד פאַר די, וועלכע האָבען פאַר אים געשטימט, און דעריבער אַפּעלירען זיי געגען דער אַנטשיידונג פון דער גריוועַנס קאָמיטע.

עס ווערען געשטעלט פראַגען:

פר. סטראוס פרעגט, ווי דענקט די קאָמיטע, צי איז די פרוי ווירקליך געווען קראַנק, אָדער ניט?

פר. בענענסאָן פרעגט, צי זיי האָבען ספּעציעלע ביי־לאָס ווי אויסצוצאָלען לאָקאַלע בענעפיט.

פר. יאָנאַס פרעגט, צי זיי האָבען איבערהויפּט אַ באַשלוס אין זייער רעקאָרד־בוך וועגען אַזעלכע פראַגע.

פר. עטינגער בעט פאַר מער אינפאָרמאַציע וועגען דעם 5 סענט טעקס.

פר. יאַבלאָן, פון דער קאָמיטע, ערקלערט, אַז די באַטרעפענדע פריינדין איז אַן אומגליקליכע פרוי, וועלכע קרענקט זייער אָפט. ער דענקט, אַז דער דזשענעראַל אָפיס האָט אויך אויסגעצאָלט אומגעזעצליכע בענעפיט, נאָר געגען דער דאָזיגער אַנטשיידונג קען ער ניט אַפּעלירען, אָבער ער אַפּעלירט געגען דעם, וואָס די גריוועַנס קאָמיטע וויל זיך אַריינמישען אין די אַנגעלעגענהייטען פון ברענטש. וועגען געשריבענע ביי־לאָס, ערקלערט ער, אַז עס זיינען דאָ אויף די רעקאָרדס.

עס ווערט באַשלאָסען די פראַגע אויפצונעמען אויף איינער פון די נעקסטע זיצונגען.

דערמיט ווערט די צווייטע זיצונג געשלאָסען.

---

## דריטע זיצונג

די דריטע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג דעם 30־טען יוני, 10 אַ זייגער אין דער פרי, מיט פר. זאַק, קאָנ., אַלס טשערמאַן.

עס ווערט אויפגענומען די קיים פון פר. מאַלקין, פון בר. 147, ווייל די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען, אַז די דאָזיגע קיים זאָל צוריק אויפגענומען ווערען פון דער נ. ב. א. ד., ווייל עס זיינען דאָ נייע עדות.

פר. לאַזאַר, פון בר. 33, טרעט אויף אַלס עדות אין אָט דער קיים און ערקלערט, אַז ער איז געווען אין דער אַראַנזשמענט קאָמיטע פון פיקניק פון „בונד" און עס ווייסט אַלע איינצעלהייטען אין דער קיים און ער קען פעסטשטעלען פאָלגענדע פאַקטען:

1) די וואָס האָבען גע'משפּט פר. מאַלקין זיינען געווען פאַרטייאיש.

2) עס זיינען געווען איניגע, וועלכע האָבען גענומען געלט אָנשטאָט טשעקס. די שולד איז געווען פון מענעדזשער און ניט פון קיינעם, וואָס אַזעלכע פאַלען זיינען פאָרגעקומען.

3) פאַראורטיילט האָט מען פר. מאַלקינען ניט אויף קיין פעסטגעשטעלטע פאַקטען, נאָר אויף גרונדען פון חשדים.

אַ צווייטער עדות, פר. מילער, פון בר. 147, באַהויפּטעט, אַז ער האָט גענומען פר. מאַלקינען פאַר אַ טרינק אין קוני־איילענד, נאָכדעם ווי דער פיקניק איז געווען פאַראיבער. ער האָט פר. מאַלקינען געוואָלט איינצאָלען די ברענטש דיוס און האָט געבעטען טשענדזש און פר. מאַלקין האָט ניט געהאַט.

פר. ריפּטצין, פון בר. 147, ערקלערט, אַז פר. מאַלקין איז געווען אַ סעקרעטער פאַר אַ לאַנגע צייט אין ברענטש, ער איז אויך געווען אַ סעקרעטער פאַר רעליף, און נאָכדעם ווי די ביכער זיינען אונטערזוכט געוואָרען, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז זיי זיינען אין בעסטען אָרדנונג.

פר. סיידמאַן, פון זעלבען ברענטש, ערקלערט, אַז זי האָט געאַרבעט מיט פר. מאַלקין און באַמערקט, אַז אַ סך מענטשען האָבען

גענומען געלט אנשטאָט טשעקס און ניט געגעבן איינעם איז אויפגענומען געוואָרען אַ קלאַגע.

פר. עטינגער פרעגט, ווארום די זעלבע עדות זיינען ניט געקומען פריער?

פר. יאַנאָס פרעגט, ווארום ער פרעסט ניט די קייס ביים „בונד“, וועלכע האָט אים געפונען שולדיג, ווייל מיר האָבען אייגענטליך די קייס גאָר ניט אויפגענומען.

פר. מינדלין פרעגט, ווארום איז פריער ניט געסטייטעט געוואָרען, אַז אַנדערע מענטשען האָבען אויך גענומען קעש אנשטאָט טשעקס?

פר. מאַלקין, וועלכער איז אנוועזענד, ערקלערט, אַז ער קען ניט פרעסען די קייס ביים „בונד“, וועלכע האָט ניט קיין שטענדיגע אָרגאַניזאַציע. עס איז איבערהויפּט דאָרט ניטאָ קיין העכערער אינסטאַנץ, צו וועלכער מען זאָל זיך קענען ווענדען אין אַזעלכע פאַלען. וואָס אנבאַלאַנגט וואָס די דאָזיגע עדות זיינען פריער ניט אויפגענומען געוואָרען, ערקלערט ער, אַז דאָס איז געוועזן אַ פאַרזען פיליכט פון דער נ. ב. א. ד., וועלכע האָט בלויז אויסגעהערט איין צד און אויף דעם סמך גוטגעהייסען דעם פאָראורטייל.

עס ווערט באַשלאָסען די קייס אויפצונעמען ביי דער נעקסטער זיצונג, און די עדות זיינען אַנטלאַסען.

עס ווערט אויפגענומען דער אַפּיל פון בר. 191 געגען דער אַנטשיידונג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע אָפּצולייזען זייער ברענטש. עס איז אַנוועזענד אַ קאָמיטע פון ברענטש און פר. איזידאָר סטיין פון דער קאָמיטע ערקלערט פאָלגענדעס:

די אורזאַך פאַרוואָס זייער ברענטש איז אויפגעלייזט געוואָרען איז דערפאַר, וואָס זייערע אַ מיטגליד איז געלאָפען אין דער צייט פון וואַלען אויף אַ רעפּובליקאַנישען טיקעט. זיי האָבען אָבער דעם זעלבען מיטגליד געטרענספערט אַלס מעמבער עט לאַרדזש, לויט דער אויפפאָדערונג פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו. ס'איז אמת, אַז מען האָט זיך ביי זיי אין ברענטש געשלאָגען, אָבער דאָס איז בלויז די שולד פון איינינגע גראָבע יונגען און דער גאַנצער ברענטש דאַרף דערפאַר ניט ליידען.

אַ צווייטער קאָמיטע־מאַן, פר. סעם בראון, ערקלערט, אַז ס'איז ניט אמת, ווי עס ווערט באַהויפּטעט פון דער נאַצ. עקז. קאָם, אַז מען האָט געשלאָגען די פאָרשטייער פון דער פילאַדעלפיא דיסט. קאָם. עס איז געוועזן אַ ספּעציעלער מיטינג און דעם מיטינג האָט מען ערקלערט פאַר ניט געזעצליך. עס זיינען געוועזן איינינגע בריאַנעס, וועלכע האָבען זיך געכאַפּט שלאָגען, אָבער קיין פאָרשטייער פון דער אָרגאַנ. קאָם. זיינען דאָרט ניט געוועזן. אין אַלגעמיין איז דער ברענטש קיינמאָל ניט געוועזן געגען די אינטערעסען פון אַ. ר., און אויב מען דאַרף באַזייטיגען עטליכע זיינען זיי אַלע מאָל באַרייט דאָס צו טאָן.

פר. ראָטהמאַן, דער סעקרעטער פון ברענטש, ערקלערט, אַז פאַר די לעצטע 11 יאָר, וואָס ער איז אַ מיטגליד פון אַ. ר., איז אַזעלכעס ניט פאָרגעקומען. אין אַלגעמיין זיינען די מיטגלידער ניט שייך צו דעם וואָס דער מיטגליד האָט זיך ערלויבט צו לויפען אויף אַ רעפּובליקאַנער טיקעט.

עס ווערען געשטעלט איינינגע פראַגען צו די קאָמיטע־לייט און פר. גוסקין, דער טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. קאָם., ערקלערט, אַז די סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל דעם ברענטש אויפלייזען. אין אַלגעמיין דענקט פר. גוסקין, אַז דער ברענטש אַלס גאַנצער איז ניט סימפּאַטיש און דאַרף ניט עקזיסטירען. ער האָט פערזענליך ניט געגען קיינעם פון די מיטגלידער, אָבער ער דענקט, אַז אין אַ. ר. דאַרפען אַזעלכע ברענטשעס ניט האָבען קיין פּלאַץ.

פר. עטינגער שלאָגט פאָר, אַז דער ברענטש זאָל צוריק ריאינסטייטעט ווערען, מיט דער באַדינגונג, אַז דער מיטגליד זאָל צוריק ריאינסטייטעט ווערען ביי זיי אין ברענטש און זאָל אויסגעשלאָסען ווערען. די דאָזיגע באַדינגונג ווערט אָנגענומען פון די פאָרטרעטער פון בר. 191.

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען זיך ניט לאַנג אינסטאַלירט און ער איז ערוויילט געוואָרען אַלס טשערמאַן און דר. זעלדין אַלס וויס־טשערמאַן.

היינט צו־טאָג געפינען זיך אין סאַניטאַריום 73 פּאַציענטען — 60 מענער און 13 פרויען.

עס איז אָנגעשטעלט געוואָרען אַ נייער אַסיסטענט דאָקטאָר, וועלכער איז ניט לאַנג געקומען פון רוסלאַנד און האָט געהאַט אַ גוטע פּראַקטיקע אין טובערקולאָר קראַנקהייט. עס איז אויך אַראַנזשירט געוואָרען, אַז אַ דענטיסט זאָל אָפט אונטערזוכען די ציין פון די פּאַציענטען און זען אויב זיי זיינען אין גוטען אָרדענונג. די פּאַציענטען זיינען זייער צופרידען מיט אָט דער אַראַנזשמענט.

דער מענעדזשער, וועלכער איז איצט אָנגעשטעלט געוואָרען אין סאַניטאַריום, איז איינער וואָס איז פריער געווען אין דער סאַניטאַריום קאָם. און פאַרשטייט דעם סאַניטאַריום זייער גוט, ליידער אָבער קומען פאָר רייבונגען צווישען מענעדזשער און דעם העד־דאָקטאָר וועגען אַ סך אַנגעלעגענהייטען, ווי צום ביישפּיל, דער מענעדזשער דענקט, אַז ער האָט די גאַנצע אויפזיכט איבער דער קעכין. דער דאָקטאָר אָבער איז מיט דער מיינונג, אַז די קעכין, וועלכע גרייט צו שפּייזען פאַר די פּאַציענטען, דאַרף זיך געפינען אונטער זיין אויפזיכט. די סאַניטאַריום קאָם. ווענדעט אָן אַלעס מעגליכעס אַט די רייבונגען אויסצוגלייכען, און האָפט, אַז מיט דער צייט וועט אַלין אויסגעגליכען ווערען.

עס זיינען איצט דאָ 21 אָנגעשטעלטע. מאַנכעס מאָל אָבער נעמען מיר צו עקסטרא העלפּ, אָבער דער דורכשניט פון אָנגעשטעלטע איז אַרום 29. מען האָט איינגעפירט אין סאַניטאַריום אַן אינסינערייטאָר, וועלכער זאָל פאַרניכטען דעם אָפּפאַל. ליידער מוז מען אָבער זאָגען, אַז ביז איצט זיינען נאָך קיין גוטע פּראַקטישע רעזולטאַטען ניט דערוויזען געוואָרען. זיי טוען אַלעס מעגליכעס צו פאַרזאָרגען דעם סאַניטאַריום מיט אַלע נייטיגע זאַכען. מען האָט איינגעריכטעט אַ נייעם באָילער, מען האָט אויך איבערגעאַרבעט די וואַסער־ליטונג און מען זעט ווידער צו פאַרריכטען דעם לייק. פאַר־היינטיגען יאָר האָבען זיי באַשלאָסען קיין אַדמיניסטראַציאָנס בילדינג דערווייל ניט צו בויען, ווייל בוי־מאַטעריאַל איז נאָך זייער טייער. זיי דענקען, אַז עס איז ראַטזאַם נאָך אָפּצואוואַרטען אַ געוויסע צייט.

פר. אַשפּיז באַריכטעט ווייטער, אַז דר. האַלפּערן איז אָפּגעפאָרען קיין איראָפּאַ, אום זיך מער צו פאַרפאָלקאָמען אין זיין שטודיום וועגען טובערקולאָזיס, און די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט פאַר אים פאַראַנשטאַלטעט אַן אַפּשידס־אָווענט. דער לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום וועט אין קורצען האָבען אַ קאָנצערט אויף די גראַונדס פון סאַניטאַריום און דער גאַנצער פּראָפיט וועט גיין פאַר דעם לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום.

עס ווערען געשטעלט פאַרשידענע פראַגען, אויף וועלכע פר. אַשפּיז ענטפערט אויף אַ צופרידענשטעלענדען אופן.

דער באַריכט ווערט דאַן גוטגעהייסען און פר. אַשפּיז ווערט באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, גיט אָפּ זיין באַריכט:

„פאַר דער קורצער צייט, וואָס מיר עקזיסטירען, האָבען מיר נאַטירליך קיין בערג ניט געקענט איבערקערען. מיר האָבען אָנגעפאַנגען אַ געצייג־קאַמפּיין פאַר רוסלאַנד, אַ קאַמפּיין פאַר אַן אַ. ר. האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד. ליידער איז אַ טעקס פאַר דעם צוועק אויף דער קאָנווענשאָן דורכגעפאַלען, און דעריבער דאַרפען די וויטערדיגע געלדער פאַר דעם פאָנד געשאַפען ווערען דורך פרייוויליגע דאָנייששאָנס. פון די געלדער, וואָס איז געזאַמעלט געוואָרען פאַר דער רעליף אין רוסלאַנד, איז $5000 איבערגעגעבען געוואָרען צו די פאָרשטייער פון „אָרט“, לויט דעם באַשלוס פון קאָנווענשאָן. $6000 איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם אידישען קאָמיסאַריאַט: $3000 צו דעם קאָמיסאַריאַט אין מאָסקווע און $3000 צו דעם קאָמיסאַריאַט אין קיעוו. איך וויל, אַז מען זאָל וויסען, אַז די דאָזיגע שטיצע איז געשיקט געוואָרען דורך הויווערס קאָמיטע, אָבער מיר האָבען דאָס געטאָן מיט דעם אויסדריקליכען פאַרלאַנג פון פר. ראַשקעס, וועלכער איז דער פאָרשטייער פון דעם „אידגעזקאָם“.

די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען איבערצוגעבען 10 טויזענט לאַבען ברויט פאַר די סטרייקער אין ניו־ענגלאַנד. מיר האָבען די 10 טויזענט לאַבען ברויט באַשטעלט ביי די קאָאָפּעראַטיווע בעקעריען אין יענער געגענט און דאָס ברויט איז איינגעטיילט געוואָרען לויט דעם ראָט פון די אָרטיגע טוער.

טראָץ דעם עקאָנאָמישען קריזיס, וועלכען מיר לעבען איצט דורך אין לאַנד, האָבען מיר דעם קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער ניט אויפגעגעבען. דער קאַמפּיין איז איצט צו שאַפען 100 טויזענט מיטגלידער פאַר'ן אַרב. רינג.

פאַר דער קורצער צייט, וואָס מיר זיינען אַריין אין אַמט, האָבען מיר געהאַט צו האַנדלען וועגען אַזאַ ערשיינונג, וואָס איז נאָך אין אַ. ר. קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, און דאָס איז געווען די „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן“. די 22־טע יערליכע קאָנווענשאָן פון טאָראָנטאָ האָט אָנגענומען 2 רעזאָלוציעס. צי די רעזאָלוציעס זיינען געווען גוטע אָדער ניט, וועגען דעם וויל איך ניט אורטיילען, אָבער די רעזאָלוציעס האָט אָנגענומען אַ קאָנווענשאָן און געגען דעם באַשלוס פון אַ קאָנווענשאָן האָט נאָך קיינער ביז איצט ניט געהאַט די העזה צו פּראָטעסטירען, און אַזאַ זאַך האָבען איצט אויפגענומען איינינגע מיטגלידער, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט צייטונגען, וועמעס הויפּט־אויפגאַבע איז צוצוברעכען די אַרבעטער־באַוועגונג.

פר. סאַלוצקי האָט אויסדריקליך באַהויפּטעט, אַז מען דאַרף דער אַ. ר. קאָנווענשאָן דאַנקבאַר זיין פאַר די דאָזיגע רעזאָלוציעס, ווייל דאָס האָט געגעבען אַ מעגליכקייט צו באַשאַפען אַ פּראָטעסט־שטימונג צווישען אַ. ר. מיטגלידער איבער'ן גאַנצען לאַנד. ווען די פּראָטעסט־קאָנווענשאָן איז סצענירט געוואָרען, קענען מיר זען פון די פאַקטען וואָס אַ געוויסער ברענטש אין באָסטאָן האָט געשטימט צו שיקען דעלעגאַטען איידער דער ברענטש איז נאָך אָפיציעל אינסטאַלירט געוואָרען. מען האָט נאַטירליך דעם ברענטש ניט אינסטאַלירט, און דאָס איז ניט דערפאַר, ווייל דער ברענטש טראָגט דעם נאָמען פון „פרייהייט“, ווי אַנדערע טייטשען דאָס אויס, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס דער ברענטש, וועלכער האָט נאָך ניט עקזיסטירט אין דער צייט פון קאָנווענשאָן, האָט שוין געהאַט די העזה צו פּראָטעסטירען געגען די באַשלוסען פון אַ קאָנווענשאָן. וועגען די אַנדערע זייטען פון קאָנווענשאָן איז פאַראַן פיל צו רעדען. עס צייגט ווי דער הפקר־גייסט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אונזערע רייען. זיי האָבען געוואַגט זאָגאָר צו שאַפען אַן „עקציאָנס־קאָמיטע“, וועלכע זאָל אָנטונג געבען

איבער דער ארבעט פון א. ר. מיט צופרידענהייט קענען מיר זאגען, אז צו דער פראטעסט־קאנווענשאן זיינען ווייניג ברענטשעס צוגעשטאנען. דאס איז געמאכט געווארען אין אזא שנעלקייט, אז די מיטגלידער האבען זיך גאר ניט געקענט אפילו אריענטירען וואס דא קומט פאר. מען האט די רעזאלוציעס אבזיכטליך געענדערט, אום צו שאפען א שטימונג. די עקזעקוטיוו קאמיטע קען זיך נאטירליך אין די פראגען פון קאנווענשאן ניט אריינמישען. מיר האבען אבער באשלאסען צו מאכען אן ערקלערונג צו די ברענטשעס, און איך מוז זאגען, אז די ערקלערונג האט פיל זאכען קלערער געמאכט און דער טומעל איז איצט א סך קלענער געווארען.

ווי ווייט דער הפקר־גייסט האט זיך אריינגעכאפט אין די א. ר. ברענטשעס, קען מען זען פון אזא כאראקטערישען פאקט, ווי עס איז פארגעקומען אין וואשינגטאן, ד. ס.: אין יענעם ברענטש האט די זאגענאנטע „לינקע“ פארטיי זייער אן אומבאדייטענדע צאל מיטגלידער. זיי האבען אבער אויף קיין שום אופן ניט געלאזען דעם ברענטש מיטען. זיי האבען „פיליבוסטערט“, ווי זיי האבען זיך אליין אויסגעדריקט. און דער וואשינגטאנער ברענטש איז ניט דער איינציגער. אזעלכע פאלען קומען איצט פאר איבער׳ן גאנצען לאנד. די זאגענאנטע „לינקע“ ווילען האלטען דעם א. ר. פאר׳ן גארגעל. ווי אייך איז באקאנט, האט די עקזעקוטיוו קאם. ארויסגעטראגען אן אורטייל געגען א געוועזענעם מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, און דאס איז פר. זאלצמאן, אז ער איז שולדיג. וואס די שטראף פאר דער שולד זאל זיין, האבען מיר נאך ניט באשלאסען. אויף דער קאנווענשאן האבען מיר דערפון באריכטעט, אבער ניט אפיציעל, נאר פארבייגייענדיג, ווייל זאלצמאן האט געזאגט, אז ער אפעלירט צו דער נאצ. באורד א. ד., און מיר האבען ניט געוואלט, אז די קאנווענשאן זאל גוטהייסען דעם רעפארט בעפאר די נ. ב. א. ד. האט וועגען דער קייס געהאנדעלט. די שולד פון פר. זאלצמאנען באשטייט אין דעם, וואס זייענדיג אליין א מיטגליד פון דער עקזעק. קאם. און וויסענדיג אלץ וואס ס׳קומט דארט פאר, האט ער געסיינט אן ערקלערונג, אז די עקזעק. קאם. האט אנגעפאקט די קאנפערענץ, וועלכע איז גערופען געווארען צו נאמינירען דעלעגאטען. צווישען די אונטערצייכענטע איז אויך געוועזען אן אנדער מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, און דאס איז פר. מאנדעל. מאנדעל אליין איז געשטאנען ביים טיר און האט צוגענומען ביי יעדען איינעם די קרעדענשעלס און ער אליין האט געזען, אז קיין זייטיגע מענטשען זאלען ניט צוגעלאזען ווערען, און ער אליין האט אויך געסיינט דעם סטייטמענט. פר. מאנדעל, אם וויניגסטענס, האט מודה געווען, אז ער האט אונטערגעשריבען ניט וויסענדיג וואס אין סטייטמענט איז געשריבען, אבער זאלצמאן האט אזא ערקלערונג ניט געמאכט. ער האט אבזיכטליך געמיינט אזא סטייטמענט, און דערמיט האט ער באוויזען, אז ער איז אן אומפאראנטווארטליכער מענטש, וועלכער שטעלט זיך ניט אפ פאר קיין יעזואיטישע מיטלען, ווען דאס פאסט אין זיין קרעמעל. אזא מענטש איז א געפאר פאר דער באוועגונג און די עקז. קאם. וועט געווים אויסטייטשען וואס פאר א שטראף אזא מענטש דארף האבען.

מען האט מיר אויך איבערגעגעבען, אז א געוויסער פעלנער, פון בר. 50, האט פארקלאגט די עקז. קאם. פאר פארלוימדען אים. איך וויל זיך אין אט דער קייס ניט אריינמישען, ווייל דאס וועט נאך פאר אייך פארקומען, אבער מיר נעמען זיך אונטער צו באווייזען, אז דער באטרעפענדער פעלנער האט געלאזט ארעסטירען סטרייקער, וועלכע האבען געסטרייקט אין זיין פלאץ. די נעמען פון די דאזיגע סטרייקער זיינען גערולא און סעם וועקסלער. די באאמטע פון דער בארבער יוניאן וועלען אייך צושטעלען אלע באווייזען ווען אט די קייס וועט פאר אייך פארקומען.

איך וויל ענדיגען מיין רעפארט און וויל זאגען, אז אין א. ר. האבען אלע פלאץ, יעדע ריכטונג איז ביי אונז ווילקאמען, אבער די עקזעקוטיוו קאמיטע וועט געוויס זען צו פארהיטען דעם כבוד פון א. ר. און וועט זיך ניט אפשטעלען פאר קיין מיטלען דעם הפקר־גייסט אויסצוראטען.“

---

עס ווערען אויפגענומען פראגען וועגען באריכט פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע.

פר. פארלאוו פרעגט, ווארום האט מען זיך ניט בעראטען מיט דער דיסטריקט קאמיטע פון ראוד איילענד וועגען דער פארטיילונג פון די 10 טויזענט לאבען ברויט?

פר. יאנאס פרעגט, ווארום ערלויבט די עקזעקוטיוו אזעלכע נעמען פאר ברענטשעס, וועלכע דריקען אויס פארטיי־אנגעלעגענהייטען. דער א. ר. דארף אין דער הינזיכט זיין נייטראל.

פר. עטינגער פרעגט, וואס פאר א שריטע נעמט די עקזעקוטיוו געגען אזעלכע ניט שיינע טאקטיק, וואס די זאגענאנטע „לינקע“ נעמען אן צו באשמוצען יעדען איינעם, וועלכער איז מיט זיי ניט איינפארשטאנען? מען גייט שוין אזוי ווייט, אז מען רופט געגנער מיט אזעלכע נעמען ווי גנב, זשוליק און נאך אזעלכע נעמען, וועלכע איך וויל ניט דערמאנען, ווייל איך וויל ניט פארלעצען די עסטעטישע געפילען פון די דירעקטארען.

פר. סיימאנס פרעגט, ווארום האט די עקזעקוטיוו קאמיטע אינגאנצען געדארפט רעפארטען וועגען דער זאלצמאן קייס צו דער קאנווענשאן, ווען קיין שטראף איז פאר אים ניט באשטימט געווארען?

פר. פייבעסאוויטש פרעגט, ווארום עס איז געוועזען נייטיג צו שיקען אין קליוולאנד פארטרעטער פון דער עקזעקוטיוו קאמיטע?

פר. גוסקין ענטפערט אויף אלע פראגען ווי פאלגט:

די ברויט איז צעטיילט געווארען ניט צוליב דעם צו געבען פרעסטיזש צו דער אדער יענער ארגאניזאציע, נאר פשוט צו העלפען די סטרייקערס, און דעריבער זיינען געוויסע פארשטייער דורכגעלאזען געווארען. זיי האבען בלויז אויסגעפונען ווער עס נייטיגט זיך מער אין דער שטיצע און אויף אזא אופן האט מען די שטיצע פארטיילט.

אין קליוולאנד איז מען געפארען צוליב דעם, ווייל אין בר. 79 איז פארגעקומען א געוויסער סכסוך ביים נאמינירען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. מיר האבען ניט געוואלט זיין פארטייאיש אין דער זאך און טראץ דעם וואס עס זיינען אויסגעקליבען געווארען „רעכטע“, האבען מיר דאך געפונען פאר נייטיג צו רופען נאך א קאנפערענץ אונטער דער קאנטראל פון דער נאצ. עקזעקוטיוו.

פר. זאלצמאנס קייס, ענטפערט פר. גוסקין, האט ער דערמאנט צו דער קאנווענשאן אלס אן אילוסטראציע וועגען דער טאקטיק פון די „לינקע“. די קאנווענשאן האט איר אורטייל ניט ארויסגעגעבען געווארען, ווייל די קייס האט געדארפט פארקומען ביי דער נ. ב. א. ד. מיר ווילען אבער אויפמערקזאם מאכען, אז די קאנווענשאן האט אונז געגעבען די פולע רעכט אזעלכע פערזאנען צו באזייטיגען פון דער באוועגונג. ביז אהער האבען מיר נאך וועגען דעם ניט געהאנדעלט, מיר וועלען אבער, גלויב איך, פאסען א באשטימטען באשלוס.

דער רעפארט פון דער נאצ. עקזעקוטיוו ווערט גוטגעהייסען. פר. גוסקין ווערט באדאנקט פאר׳ן אפגעבען דעם רעפארט.

דערמיט ווערט די דריטע זיצונג געשלאסען.

(שלום פון נ. ב. א. ד. באריכט אין נעקסטען נומער)

---

# באריכטען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו קאמיטע

דער רעגעלער מאנאטליכער מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאם. ווערט אפגעהאלטען דינסטאג אווענט, דעם 1־טען אויגוסט, מיט פר. ר. גוסקין אלס טשערמאן.

עס ווערט געמאכט פאלגענדע קארעקשאן צום לעצטען פראטאקאל: אין דעם רעפארט פון דער נאצ. ארגאניזאציאנס קאם. פון לעצטען מאנאט, וואו עס רעדט זיך וועגען בר. 260, דארף זיך לעזען בר. 62.

קאמיטעס

פון דער ניו־יארק סיטי עדיוקיישאנאל און סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטעס, — זיי ערקלערען, אז זיי ווילען נעמען מעדיסאן סקווער גארדען פאר דעם יערליכען באל, וועלכע ביידע קאמיטעס האבען באשלאסען געמיינשאפטליך צו ארראנזשירען. דער אפיס האט אבער איינגעהאלטען דעם טשעק, וואס דארף געגעבען ווערען אלס דעפאזיט פאר׳ן האל. נאך א קורצער דעבאטע איבער דער פראגע, דריקט די נאצ. עקזעקוטיוו אויס דעם סענטימענט, אזוי ווי דאס איז דער ערשטער עקספערימענט פון זייער באל, זאל די אונטערנעמונג ארראנזשירט ווערען אין א קלענערען האל.

פון ס. ל. פ. — זיי ערקלערען, אז די באאמטע פון לאקאל 103 פון דער אינדאסטריעל וואירקערס יוניאן פון לאס אנדזשעלעס זיינען ארעסטירט געווארען. זייער אפיס איז דארט באפאלען געווארען פון פאליציי און 12 זיינען געפונען געווארען שולדיג. עס מוז געשאפען ווערען 8—10 טויזענט דאלאר צו פארטיידיגען אט די אומשולדיגע מענטשען פון דער ארבעטער־באוועגונג. די קאמיטע בעט, אז די נאצ. עקזעקוטיוו זאל אינדארסירען זייער אפיל צו די ברענטשעס פון א. ר. דער טשערמאן, פר. גוסקין, ערקלערט, אז מיר וועלען אנפרעגען וועגען דער אנגעלעגענהייט ביי אונזער לאס אנדזשעלעסער דיסטריקט קאמיטע און מיר וועלען האנדלען נאכדעם ווי מיר וועלען קריגען אן ענטפער.

פון בר. 407, — זיי בעטען צו געבען א רעקאמענדאציאנס־בריף צו זייער מיטגליד סעם שווארץ, וועלכער איז פאראליזירט און פארט אין פלארידא אויף דעם ראט פון דאקטוירים. עס ווערט באשלאסען צו געבען א בריף צום סעקרעטער פון אונזער ברענטש אין דזשעקסאנוויל, פלא.

פון מעדיקאל דעפארטמענט, — דר. קלאטצקי און פערלבערג אלס קאמיטע ערקלערען, אז זייער לעצטער קאנפערענץ האט בלויז צוריקגעוויזען די רעקאמענדאציע, אז ברענטשעס, וועלכע זיינען אנגעשלאסען אן דעם דעפארטמענט זאלען מוזען באלאנגען מיט דער גאנצער מיטגלידערשאפט. זיי זיינען מיט דער מיינונג, אז דאס האט ניט אויסגעשלאסען, אז דער מעדיקאל דעפארטמענט זאל פארלאנגען, אז ברענטשעס, וועלכע זיינען אנגעשלאסען אן דעם דעפארטמענט, זאלען

מוזען האָבען ניט ווייניגער ווי 60 פּראָצענט פון זייער מיטגלידערשאַפט. זיי דייטען אָן, אַז פאַרלויפיג איז ניט געווען קיין פאַל, אַז דער מעדיקאל דעפּאַרטמענט זאָל אויסשליסען אַ ברענטש בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט ווייניגער ווי 60 פּראָצענט פון זיין מיטגלידערשאַפט אין דעם דעפּאַרטמענט.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די טשערליוט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס זאָלען האָבען אַ דזשאָינט מיטינג מיט'ן מעדיקאל דעפּאַרטמענט און זיך דורכרעדען וועגען דער אנגעלעגענהייט, ווי אויך וועגען אַנדערע פראַגען.

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, — דזשאָן ל. בערענשטיין, פּרעזידענט, מזל און בלאק, די קאָמיטע, ערקלערען, אַז די „האיאס" איז לעצטענס אויסגעוואַקסען אַלס אין אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע. זיי דייטען אָן, אַז אַרום 100 טויזענט פּערזאָן זיינען פאַראַן אין רוסלאַנד, וועלכע האָבען קרובים אין אַמעריקע און ווילען אימיגרירען אין די פאַראייניגטע שטאַטען; אַז די רוסישע רעגירונג איז גרייט צו העלפען די „האיאס" אין זייער אַרבעט, אָבער די „האיאס" האָט אַ גרויסען דעפיציט, און דער אַ. ר. צוזאַמען מיט אַנדערע גרעסערע אַרבעטער־קערפּערשאַפטען מוזען זיי איצט קומען צו הילף, אום זייער אָרגאַניזאַציאָנס טעטיגקייט זאָל ניט אָפּגעשטעלט ווערען. זיי זאָגען, אַז די פּראָבלעם פון אידישען אימיגראַנט טאָר ניט איבערגעלאָזט ווערען צו די שיפס־קאָמפּאַניעס, צו די באַנקירען, צו די פילאַנטראָפּען; נאָר די פאָלקס־מאַסען אַליין מוזען די פּראָבלעם לייזען. די „האיאס" איז אַ פאָלקס־אינסטיטוציע און דער אַ. ר. אַלס אַן אָרגאַניזאַציע פון פאָלקס־מאַסען דאַרף געפינען אַ מיטעל ווי צו שטיצען זייער קערפּערשאַפט.

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע פון 3, וועלכע זאָל אַריינברענגען צום קומענדען מיטינג אַ רעקאָמענדאַציע וועגען דער פראַגע. אין דער קאָמיטע ווערען ערוויילט פר. מאַקס פיין, ראָבערטס און דייווידאָף.

## צושריפטען

פון בר. 297, — דריקען זיך אויס איינשטימיג מיט דער האַנדלונג פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, ווי אויך מיט די באַשלוסען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו.

פון בר. 246, — זיי בעטען נאָכאַמאָל צו ריקאָנסידערען די פראַגע וועגען באַשלוס צוריקצואווייזען פר. ר. סאָפּיט פון אַ. ר. אַזוי ווי די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט וועגען דעם געהאַנדעלט, ווערט באַשלאָסען די זאַך נאָכאַמאָל איבערצוגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון שלעזינגער באַנקעט קאָמיטע, — זיי לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו דעם באַנקעט, וואָס ווערט אַראַנזשירט פאַר דזש. שלעזינגער פאַר זיין אָפּפאָרען אין ענגלאַנד אַלס דעלעגאַט צו דער ענגלישער טרייד־יוניאָן קאָנווענשאָן. ערוויילט פר. גוסקין און באַסקין.

פון א. לאטקער, מיטגליד פון בר. 253, — ער אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אויסצושליסען אים אַלס מיטגליד פון זייער קאָמיטע. עס ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם באַשלוס פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועגען וועלכען די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט ביים לעצטען מיטינג רעפּאָרטעט, ווייל פר. לאטקער איז אַ מיטגליד פון דער „אַקציאָנס קאָמיטע" פון די „לינקע", וועמעס אַקטיוויטעט באַשטייט מערסטענס אין דיסקרעדיטירען די נאַצ. פאַרוואַלטונג פון אַ. ר. די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס פון אַ. ר. שטייען אָבער אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו און איינער קען ניט זיין אַ מיטגליד פון דער סיטי קאָמיטע און צו דער זעלבער צייט אַ מיטגליד פון דער „אַקציאָנס קאָמיטע".

פון דער נ. ב. א. ד., — זיי ערקלערען, אַז ס'איז אַריינגעקומען צו זיי אַ קלאַגע געגען די וואַלען פון פר. סיימאָנס, דירעקטאָר פון קאַליפאָרניע סטייט און זיי האָבען אָנגענומען וועגען דער פראַגע פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„אויסהערענדיג די קלאַגע וועגען דעם דירעקטאָר פון קאַליפאָרניע סטייט, אַז ער איז ערוויילט געוואָרען אויף אַ ניט געזעצליכען אופן, נעמליך דורך אַן אָפּמאַך, אַז 4 זאָלען ערוויילט ווערען אנשטאָט 1, וואָס איז געגען די געזעצען פון אַ. ר., און אַזוי ווי דער באַלאָט איז אַרויסגעשיקט געוואָרען מיט 8 נעמען אנשטאָט 2, אַ זאַך וואָס איז אומגעזעצליך און געגען די אינסטרוקציעס פון דזשענעראל אָפיס, וואָס ווערען אַרויסגעשיקט צו יעדער סטייט קאָנפערענץ, דאַרום באַשליסען מיר, אַז דער באַלאָט איז אומגעזעצליך און נייע וואַלען זאָלען געמאַכט ווערען פאַר דעם אַמט פון אַ דירעקטאָר."

וועגען בר. 191 האָט די נ. ב. א. ד. אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„אויסהערענדיג דעם אַפּיל פון בר. 191 געגען דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ., דריקט די נ. ב. א. ד. אויס איר צופרידענהייט מיט דער האַנדלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו אויפצולייזען דעם ברענטש, וועלכער האָט געהאַנדעלט געגען די פּרינציפּען פון אַ. ר. צו דער זעלבער צייט, אָבער, רעקאָמענדירט די נ. ב. א. ד. צו רעאינסטייטען דעם ברענטש מיט דער באַדינגונג, אַז זיי זאָלען אויסשליסען דעם מיטגליד בראָון פון ברענטש."

די פראַגע וועגען די וואַל פאַר אַ דירעקטאָר אין קאַליפאָרניע ווערט דיסקוטירט, און עס ווערט באַשלאָסען אָנצונעמען די אַנטשיידונג פון דער נ. ב. א. ד. נאָר אַזוי ווי אויף'ן באַלאָט, וועגען וועלכען עס רעדט זיך אין דער אַנטשיידונג פון דער נ. ב. א. ד., זיינען פאַקטיש געווען נאָמינירט בלויז 2 — סיימאָן און לעוויט — אַלס קאַנדידאַטין פאַר אַ דירעקטאָר, זאָלען צו די נייע וואַלען די זעלבע 2 נעמען געשיקט ווערען צו די ברענטשעס פון קאַליפאָרניע סטייט פאַר אָפּשטימונג. וויבאַלד איינער פון די צוויי וועט זיך אַנטזאַגען צו לויפען, זאָל דער ערשטער סאָבסטיטוט, וואָס האָט געקראָגען די גרעסטע צאָל שטימען אַרויף אויפ'ן באַלאָט, אין פאַל דער ערשטער סאָבסטיטוט וועט זיך אַנטזאָגען זאָל אַרויף דער צווייטער סאָבסטיטוט, וואָס האָבען געקראָגען די נעקסטע גרעסטע צאָל שטימען א. אַז. וו. קיין נייע נאָמינישאָן זאָל ביי דער קומענדער סטייט קאָנפערענץ ניט געמאַכט ווערען.

פון בר. 619, פרעסנאָ, קאַל., — זיי פּראָטעסטירען געגען באַשלוס פון דער נ. ב. א. ד. אין באַצוג באַשטימען נייע וואַלען פאַר אַ נ. ב. א. ד. אין זייער סטייט. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען אונזער באַשלוס.

פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע, — זיי בעטען צו שיקען 3 פאַרטרעטער צו אַ באַראַטונג, וואָס וועט געהאַלטען ווערען דעם 10־טען אויגוסט. ערוויילט פר. באַנין, ווינערשטיין און ראָבערטס. די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע לאָזט וויסען, אַז די קומענדע קאָנווענשאָן וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 2־טען, 3־טען און 4־טען סעפּט. און דאָס דער אַ. ר. איז באַרעכטיגט צו שיקען 15 דעלעגאַטען. עס ווערט באַשלאָסען, אַז 5 דעלעגאַטען זאָלען זיין פון דער נ. ב. א. ד. און 10 דעלעגאַטען פון דער נאַצ. עקזעק.

## קאָנווענשאָן רעפערענדום

פר. בערמאַן באַריכטעט, אַז פר. דאָראַשקין און ער האָבען געציילט דעם קאָנווענשאָן רעפערענדום באַלאָט. עס זיינען אַריינגעקומען 413 באַלאָטס פון די זיינען 3 באַלאָטס ניט געציילט געוואָרען, ווייל עס איז אויף זיי ניט געווען דער זיגעל פון ברענטש. דער רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג איז ווי פאָלגט:

פאַר דער פּרינציפּען־ערקלערונג, פאָרגעשלאָגען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן (זע „פריינד" פון אַפּריל און מאַי 1922) זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען 5539 שטימען, געגען 2612 שטימען.

### אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ נ ס פ אָ נ ד

1) זאָל דער אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד געהעכערט ווערען? — פאַר 3393, געגען 3663.

2) דער אַסעסמענט פאַר'ן אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד זאָל געהעכערט ווערען פון 4 אויף 6 סענט אַ קוואָרטאַל — פאַר 6643, געגען 2289.

3) דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָנס קאָם. זאָל געגעבען ווערען דאָס רעכט אַריינצונעמען אין אַ. ר. מיטגלידער, וועלכע גייען אַריין מיט זייערע סאָסייעטיס, וועמעס צאָל איז 500 מיטגלידער און העכער אין גרעסערע שטעט, און 300 מיטגלידער און קלענערע שטעט, זאָלען צאָלען זייערע אַסעסמענטס צום מאָרטשוערי, לויט די יאָרען אין וועלכע זיי זיינען אַריין אַלס מיטגלידער אין זייערע סאָסייעטיס. דער אונטערשיד פון די צאָלונגען זאָל געדעקט ווערען פון די פאָנדס פון דער סאָסייעטי. — פאַר 3563, געגען 1637.

## וועגען עדיוקיישאָנאַל ארבעט

### ש ו ל ט ע ק ס

דער אַ. ר. שול טעקס זאָל געהעכערט ווערען מיט איין סענט פּער קוואָרטאַל. — פאַר 6919, געגען 1227.

### „פ ר י י נ ד"

זאָל דער „פריינד" ערשיינען יעדען מאָנאַט? — פאַר 1593, געגען 1396. זאָל דער „פריינד" ערשיינען איין מאָל אין 3 מאָנאַטען? — פאַר 1387, געגען 3882.

### ו ו ע ג ע ן פ אַ ר ו ו אַ ל ט ו נ ג

1) די עקזעקוטיוו קאָם. זאָל האָבען דאָס רעכט צו פאָדערען פון די ברענטשעס זייערע ביכער צום אונטערזוכען, און אויך קענען אַנצונעמען געזעצליכע מיטלען, ווען דער ברענטש אַנטזאָגט זיך נאָכצוקומען די פאָדערונג פון דער עקזעק. קאָם. — פאַר 7841, געגען 388.

2) אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג אין די נאַצ. קאָמיטעס פון אַ. ר. זאָל ניט טאָרען זיין אין דער זעלבער צייט קיין פינאַנס סעקרעטער אָדער טרעזשורער אין אַן אַ. ר. ברענטש. — פאַר 7785, געגען 388.

3) די רייזע־קאָסטען פון די מיטגלידער פון דער נ. ב. א. ד. זאָלען אין גאַנצען געדעקט ווערען פון דזשענעראל אָפיס. — פאַר 6272, געגען 1073.

4) אַ סומע פון $300 יערליך זאָל אַסיגנירט ווערען פאַר רייזע־קאָסטען פון די דירעקטאָרען, אָפּצוגעבען באַריכטען אין ווייטערע שטעט פון זייערע סטייטס און אויך טאָן אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. — פאַר 5429, געגען 2445.

5) דער 1 פּראָצענט איינטריטס־געלט פון נייע מיטגלידער, וואָס וועט אַריינקומען פון 1־טען אָקטאָבער 1922 ביז דעם 1־טען אָקטאָבער 1925, זאָל גיין אויף צו דעקען דעם דעפיציט אין אַדמיניסטריישאָן פאָנד, און אין פאַל עס וועט בלייבען אַן איבערפלוס זאָל דערמיט געדעקט ווערען די דעפיציטען פון אַנדערע פאָנדס, — פאַר 7003, געגען 666.

### ו ו ע ג ע ן ס אַ נ י ט אַ ר י ו ם

די סאַניטאַריום קאָם. זאָל האָבען דאָס רעכט אַריינצונעמען אַל

באצאלטע פאציענטען עלטערן פון מיטגלידער און שוועסטער און ברידער, און קינדער פון מיטגלידער אין עלטער פון 16 ביז 22 יאר. — פאר 8955, געגען 252.

### אלד איידזש האום

1) א ספעציעלער פאנד פאר אן אלד איידזש האום זאל עטאבלירט ווערען. — פאר 8261, געגען 514.

2) א פינף־סענטיגער טעקס זאל געצאלט ווערען פער קווארטאל פון אלע קלאסען מיטגלידער. — פאר 8081, געגען 509.

3) די צאלונגען זאלען זיך אנהייבען גלייך ווי דער רעפערענדום וועט געשלאסען ווערען. — פאר 8109, געגען 500.

### קאנווענשאן

1) די נעקסטע קאנווענשאן פון א. ר. זאל אפגעהאלטען ווערען אין יאר 1924 מיט א פארטרעטערשאפט פון 1 דעלעגאט פון יעדע 500 מיטגלידער. — פאר 2881, געגען 3653.

2) די נעקסטע קאנווענשאן פון א. ר. זאל אפגעהאלטען ווערען אין ניו־יארק אין יאר 1925 מיט א פארטרעטערשאפט פון 1 דעלעגאט פון יעדען ברענטש, און צו 1 דעלעגאט פון יעדע 100. אויב יס ווערט באשלאסען, אז די נעקסטע קאנווענשאן זאל זיין אין 1924, בלייבט עס איז די רעכט פון יענער קאנווענשאן צו באשטימען ווען די נעקסטע קאנווענשאן זאל געהאלטען ווערען און אויך די פארטרעטערשאפט. — פאר 6170, געגען 1294.

3) אין דער צייט ווען עס וועט נים אפגעהאלטען ווערען קיין רעגעלע קאנווענשאן, זאל די קאנווענשאן געהאלטען ווערען פון פארטרעטער פון סטייטס צו ראטיפיצירען די ערוויילטע עקזעקוטיוו (לויט דער אפשטימונג פון רעפערענדום) מיטגלידער פון דער נ. ב. א. ד. קענען זיין דעלעגאטען צו דער דאזיגער קאנווענשאן. — פאר 5900, געגען 693.

### ענדערונגען אין דער קאנסטיטוציע

1) ארטיקעל 3 פאראגראף 1 זאל געענדערט ווערען. דער זאץ וועלכער לעזט זיך: „קאנדידאטען פון 38 ביז 45 יאר אלט מוזען צושטעלען גענוג באווייזען א. אז. וו.“ זאל זיך לעזען: „קאנדידאטען פון 43 ביז 45 יאר אלט מוזען צושטעלען גענויע באווייזען. אז זיי זיינען נים עלטער ווי אנגעגעבען, א. אז. וו.“—פאר 6994, געגען 686.

2) אויסשטרייכען פון דער קאנסטיטוציע דעם 22־טען פאראגראף פון ארטיקעל 3, וועלכער לעזט זיך: „ד אפליקיישאן פון א קאנדידאט, וועלכער איז צוריקגעוויזען געווארען פון דאקטאר, מוז פון ברענטש געשיקט ווערען אין דזשענעראל אפיס נים שפעטער ווי 10 טעג נאך דער עקזאמינײשאן.“ — פאר 5784, געגען 489.

3) צו ארטיקעל 11 זאל צוגעשטעלט ווערען פאלגענדער פאראגראף: „זוען א מיטגליד אדער א ברענטש האט אן אפיל אדער א קלאגע צו א מעמבער עם לארדזש, דארף דער אפיל אדער די קלאגע אריינגעבראכט ווערען צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, וויעמעס אנטשיידונג איז בינדענד“. — פאר 4811, געגען 1649.

4) ארטיקעל 13, פאראגראף 10, וועלכער לעזט זיך: „נאך דיזע 6 וואכען ביז 6 מאנאטען קען א מיטגליד ווערען ריאינסטיטוטעט, א. אז. וו.“, זאל זיך לעזען: „נאך דיזע 6 וואכען ביז א יאר קען א מיטגליד ווערען ריאינסטיטוטעט, א. אז. וו.“ — פאר 7074, געגען 410.

5) ארטיקעל 13, פאראגראף 11, זאל אויך געענדערט ווערען אין דעם זין און זאל זיך לעזען: „נאך דעם יאר קען א געשטראכענער מיטגליד אריינגענומען ווערען אין א. ר. א. אז. וו.“ — פאר 5889, געגען 416.

### אלגעמיינע ביישטייערונגען צו ארבייטער און ראדיקאלע ארגאניזאציעס

„בונד“ $1000 — פאר 5083, געגען 2715.
ראנד סקול $1000 — פאר 5738, געגען 2013.
„קאל“ $1000 — פאר 5348, געגען 2412.

### סאציאליסטישע פארטיי

נאציאנאלע הויז $1000 — פאר 4842, געגען 2838.
„פרייע ארבייטער שטימע“ $300 — פאר 4419, געגען 2992.
לאס אנדזשעלעס סאניטאריום $1000 — פאר 8214, געגען 123.
לאס אנדזשעלעס רעליף $1500 — פאר 1807, געגען 78.
דענווער רעליף $500 — פאר 7631, געגען 109.
עקס פיישענטס האום אין דענווער $500 — פאר 7842, געגען 106.
אמנעסטיע באוועגונגען $1000 — פאר 1756, געגען 598.
האספיטעלער $5000 — פאר 9113, געגען 132.
„האיאס“ $3000 — פאר 1874, געגען 116.
„מעסענדזשער“ $250 — פאר 7337, געגען 298.
נאטשוראליזיישאן אייד ליג $300 — פאר 1743, געגען 379.
„סאקא־וואנזעטי דעפענס“ $100 — פאר 7945, געגען 135.
פערער סקול $50 — פאר 7129, געגען 360.
שיקאגא סיגארען מייקערס סטרייקער $50—פאר 8037, געגען 71.
קראפאטקין ליטעראטור געזעלשאפט $50—פאר 6468, געגען 484.

אלע ביישטייערונגען צו די אינסטיטוציעס פון טאראנטא זיינען דורכגעגאנגען מיט א גרויסער מאיאריטעט.

דער רעפארט פון דער צוילער קאמיטע ווערט גוטגעהייסען.

דער טשערמאן ערקלערט, אז דער פונקט וועגען העכערען דעם אסעסמענט פאר׳ן ארגאניזאציאנס פאנד איז דורכגעפאלען.

עס ווערט באשלאסען, אז דער פונקט וועגען אריינגעמען אין סאניטאריום עלטערן, שוועסטער און ברידער פון מיטגלידער זאל גלייך אריינגיין אין קראפט.

### סעקרעטערס רעפארט

פר. באסקין, דזשענעראל סעקרעטער, באריכטעט פאלגענדעס:

נייע מיטגלידער זיינען אין פארלויף פון לעצטען מאנאט אריינגעקומען 750.

אויף אונזער אפיל צו די ברענטשעס צו שאפען שטיצע פאר די סטרייקענדע מיינערס איז גלייך אריינגעקומען ארום $1000.

בר. 302 פון פאלסבערג האט צוגעשיקט צום דזשענעראל אפיס א טשעק אויף $1200 פאר׳ן געצייג קאמפיין. דער ברענטש שרייבט, אז זיי האלטען נאך אין קאלעקטירען געלדער פאר דעם צוועק, און זיי ערווארטען נאך אין גיכען צוצושיקען א צווייטען טשעק אויף א היבשע סומע.

פר. באסקין גיט איבער די אויסגאבען פון די פארשידענע פאנדס אין פארלויף פון מאנאט.

זיין באריכט ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באשטימט צו האבען א פארזעצונג פון דעם מיטינג מאנטאג דעם 14־טען אויגוסט.

פ. געליבטער, רעקארדינג סעקרעטער.

---

א פארזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמ. ווערט אפגעהאלטען מאנטאג אוועגט, דעם 14־טען אויג., מיט פר. גוסקין אלס טשערמאן.

### צושריפטען

פון דער נאצ. בארד און דירעקטארען, — זיי שרייבען פאלגענדעס:

„מיר וואלטען וועלען וויסען וואס פאר א שטעלונג די נאצ. עקזעקוטיוו קאמ. האט גענומען אין באצוג דער אנטשיידונג פון דער גריוועגס קאמיטע וועגען דער קלאגע פון בר. 53, וואס זיי ווערען געטשארדזשעט פאר א לאקאלען שול טעקס, אין דער צייט וואס ביי א רעפערענדום איז אט דער טעקס צוריקגעוויזען געווארען. ווי דער פארשטייער פון דער גריוועגס קאמיטע, פר. גילמאן, האט ערקלערט, איז נאך די דאזיגע אנטשיידונג פון דער גריוועגס קאמיטע ביי דער עקזעקוטיוו אלס גאנצע נים גוטגעהייסען געווארען.“

עס ווערען אויך פארגעלעזען קאפיעס פון דער אנטשיידונג פון דער נ. ב. א. ד., וועלכע לעזען זיך ווי פאלגט:

„צו בר. 147.

ווערטע פריינד:

עס פרייט אונז זייער אייך צו מעלדען, אז די נ. ב. א. ד., אויפנעמענדיג אלע איינצעלהייטען וועגען די באשולדיגונגען געגען פר. דזש. מאלקין, האט אויפגענומען, אז די באשולדיגונגען זיינען נים באגרינדעט און פר. מאלקין איז פון דער קלאגע ריינגעוואשען געווארען.“

צו בר. 50.

ווערטע פריינד:

ערלויבט אונז אייך צו ערקלערען, אז אין דער קלאגע וואס איר האט געמאכט געגען דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמ. איז געווען א מיספארשטענדניס.

די עקזעקוטיוו קאמיטע האט אין קיין פאל נים געדענקט צו טרעפען דעם בר. 50 אלס גאנצען, מאכענדיג אירע באשולדיגונגען געגען אייער דעלעגאט פר. פעלנער. פוליווכט זיוט איר אליין נים באקאנט מיט די איינצעלהייטען פון דער קייס.

די עקזעקוטיוו קאמיטע האט אונז אויסדריקליך ערקלערט, אז זיי האבען שוין געמאכט אן עפענטליכע ערקלערונג אין דער פרעסע וועגען דעם. יעדענפאלס, מאכען מיר אייך דארויף אויפמערקזאם, אז ס׳איז אין קיין פאל נים געווען די אבזיכט פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו צו באליידיגען בר. 50. אט דער סטייטמענט וועט אין קורצען קלאר ווערען אין אונזערע רעקארדס.

האפענדיג דאס די דאזיגע ערקלערונג וועט פאר אייך זיין צופרידענשטעלענד, פארבלייבען מיר

נאצ. ב. א. ד.“

עס ווערען אויך פארגעלעזען 3 רעזאלוציעס, וועלכע זיינען אנגענומען געווארען ביי דעם לעצטען צוזאמענפאר פון דער נ. ב. א. ד.

1) וועגען איינינקייט און ארגאניזאציאנס דיסציפלין.
2) וועגען די א. ר. שולען.
3) וועגען רעליף (זע באריכט פון דער נ. ב. א. ד.)

### קאמיטעס

פון דער פיפעלס רעליף קאמיטע, — פר. גילים ערקלערט, אז ביי דער קאנווענשאן פון דער פיפעלס רעליף וועלען פארהאנדעלט ווערען זייער וויכטיגע פראגען. זיי ווילען דארום וויסען פון די ארגאניזאציעס, וועלכע זיינען געווען צווישען די גרינדער פון דער פיפעלס רעליף, וואס זייער מיינונג איז בנוגע די פראגען:

1) צי די פיפעלס רעליף זאל זיין פארבונדען מיט׳ן „דזשאינט“ אדער נים.

2) די באַציאונג פון דער פיפּעלס רעליף צום „אידגעזקאָם“.
3) אויב ניט זיין פאַרבונדען מיט'ן „דזשאָינט“ און מיט מיט'ן „אידגעסקאָם“, צי זאָל די פּיפּעלס רעליף אָנפירען די אַרבעט זעלבסטשטענדיג.

דער טשערמאַן ערקלערט פר. גילים, אַז מיר וועלען די פראַגע פאַרהאַנדלען.

---

פון בר. 53, — זיי ערקלערען, אַז אין מאַי נומער „פריינד“ איז אין דעם רעפּאָרט פון דער גריוועגס קאָמיטע אָנגעדייטעט געוואָרען, אַז זיי האָבען געוואָלט מאַכען אַ „דיל“ מיט מרס. עלקין, אַז אויב זי וועט זיך אָנטזאָגען פון די אַלגעמיינע בענעפיט וועט מען איר אויסצאָלען די לאָקאַלע בענעפיט. די קאָמיטע פון ברענטש ערקלערט, אַז מרס. עלקין האָט אַליין צוגעגעבען, אַז זי האָט אַזאַ סטייטמענט ניט געמאַכט.

פר. בלאַק, טשערמאַן פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע, זאָגט, אַז די פריערדיגע גריוועגס קאָמיטע האָט וועגען דער אַנגעלעגענהייט געהאַנדעלט. זי/האָט זיך מיט איר סטייטמענט געשטיצט אויף דעם פאַקט וואָס ביי דער הירינג איז אַז ערקלערונג געמאַכט געוואָרען און די פאַרטרעטער פון ברענטש האָבען דעם סטייטמענט ניט אָפּגעלייקענט.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז עס זאָל פאַרשריבען ווערען אין אונזערע מיניטס, אַז דער ברענטש ערקלערט אַז זיי האָבען מיט מרס. עלקין קיין „דיל“ ניט געמאַכט, און אַז מיר האָבען באַשלאָסען די דאָזיגע ערקלערונג פון ברענטש אָנצונעמען.

---

פון דער פאַר־קאָנפערענץ וועגען העלפען די ראַשען־אַמעריקאַן אינדאַסטריעל קאָרפּאָריישאָן, — אַ קאָמיטע פון 3 ערקלערט, אַז הייגט אָוועגט ווערט אָפּגעהאַלטען די פאַר־קאָנפערענץ, אין וועלכער ס'זיינען פאַרטראָטען 25 ברענטשעס. זיי ווילען צוזאַמענרופען אַ גרויסע קאָנפערענץ פון אַ. ר. ברענטשעס און זיי בעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל זיי העלפען אין דער אַרבעט. פר. ראָבערטס, וויים־טשערמאַן, ערקלערט דער קאָמיטע פאָלגענדעס:

„צו דעם אינסטאָלוישאָן מיטינג פון דער איצטיגער נאַצ. עקזעקוטיוו איז געקומען פר. פּאָטאָווסקי, דער אַסיסטענט סעקרעטער פון דער אמאלגאמייטעד, און ערקלערט, אַז זיי וואָלטען געוואָלט זיך באַראַטען מיט דער נאַצ. עקזעקוטיוו וועגען די ראַשען־אַמעראַקאַן אינדאַסטריעל קאָרפּאָריישאָן און פּאַראַינטערעסירען דעם אַ. ר. אין דער אַרבעט און אַז פר. סידני הילמאַן, פּרעזידענט פון דער אמאלגאמייטער, איז ווילינג צו קומען און ערקלערען די גאַנצע אַנגעלעגענהייט. די נאַצ. עקזעקוטיוו האָט באַשטימט אַ דאַטום פאַר אַזאַ מיטינג און געלאָזט וויסען פר. הילמאַן צו קומען, ווייל אײדער די עקזעקוטיוו ווענדט זיך צו די ברענטשעס וועגען אַ געוויסער אונטערנעמונג וויל זי שטענדיג וויסען דעם פּלאַן און אויף וועלכע יסודות די אונטערנעמונג איז געבויט. פר. הילמאַן איז אַבער צו יענעם מיטינג ניט געקומען, פאָלגלך האָט די עקזעקוטיוו ניט געהאַט קיין גענויע אינפאָרמאַציע וועגען דער דאָזיגער קאָרפּערשאַפּט און די זאַך איז געבליבען ניט פאַרהאַנדלט.“

## רעפּאָרט פון דער נאַצ בענעפיט קאָמיטע

פר. לאַנגער, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די בענעפיט פון אַ מיטגליד פון בר. 114 איז צוריקגעוויזען געוואָרען, ווייל דער ברענטש האָט די זאַך אונטערזוכט און פעסטגעשטעלט, אַז פאַר דער צייט וואָס ער מאָנט בענעפיט פלעגט מען אים זען אין שאַפּ.

אַ מיטגליד פון בר. 246 איז אין אַ משוגעים־הויז שוין אַ געוויסע צייט און דער ברענטש האָט דער פרוי קיין בענעפיט ניט געצאָלט. די פרוי האָט זיך געווענדט געוועזן דעם צו דער בענעפיט קאָמיטע, וועלכע האָט באַאויפטראַגט דעם ברענטש גלייך אויסצוצאָלען די בענעפיט. אַזוי ווי דער ברענטש האָט ניט קיין געלט, איז מען געקומען צו אַ פאַרשטענדניס, אַז זיי זאָלען איר גלייך אויסצאָלען $71.60 וואָס עס קומט איר פון אַלגעמיינע בענעפיט און די $45 פאַר לאָקאַלע בענעפיט זאָלען זיי איר אויסצאָלען אין פאַרלויף פון די קומענדע 3 מאָנאַטען.

אַ מיטגליד פון בר. 133 האָט געקראָגען פאַר'ן ערשטען יאָר בענעפיט אויף „אָלסער“ אויפ'ן מאָגען. אויפ'ן צווייטען יאָר איז ער קראַנק געווען אויף אַ ראַק אויפ'ן מאָגען. די בענעפיט קאָמיטע האָט וועגען דעם אָנגעפרעגט די מעדיקאַל אַדווייזאָרי באָרד, וועלכע האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז אַבוואָל די צווייטע קראַנקהייט איז אַ רעזולטאַט פון דער ערשטער, איז דאָס אָבער אַ גאַנץ אַנדערע קראַנקהייט. עס איז דאָרום באַשלאָסען געוואָרען אויסצוצאָלען אים פאַר דער בענעפיט צו $8 אַ וואָך.

אין בר. 39 איז געווען אַזאַ פאַל: זייערער אַ מיטגליד איז קראַנק געווען פון אָקטאָבער 1921. מיט אַ צייט צוריק האָבען זיי צוגעשיקט פאַר אים אַ סטייטמענט אין דזשענעראַל אָפיס, אָבער ניט קיין סערטיפיקייט. דער דזשענעראַל אָפיס האָט זיי אָנגעפרעגט וועגען דעם. דערווייל איז דער באַטרעפענדער געשטאָרבען. זיי האָבען איצט פאַרלאַנגט די בענעפיט פאַר יענער צייט. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען די בענעפיט אויסצוצאָלען.

פר. לאַנגער ערקלערט, אַז די בענעפיט קאָמיטע האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער בקור חולים און קאָנוועלעסענט האָום פון מט. ווערנאָן. דאָס איז אַ קליינע אינסטיטוציע, וועלכע מאַכט זייער אַ גוטען איינדרוק. צווישען די עטליכע צוואַנציג פּאַציענטען, וואָס געפינען זיך דאָרט, זיינען אויך פאַראַן אייניגע מיטגלידער פון אַ. ר. די בענעפיט קאָמיטע רעקאָמענדירט צו שטיצען זיי מיט $150 פון דעם $5000 פאָנד, וואָס איז באַוויליגט פון דער קאָנווענשאָן צו שטיצען האָספּיטאַלס.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע

פר. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס: אין בר. 446 איז אַ מיטגליד וועלכער איז אין גאַנצען געווען 6 וואָכען אין אַ. ר., געגאַנגען צו דר. מק־סוויני, אונזער לונגען־ספּעציאַליסט, צו ווערען עקזאַמינירט. דר. מק־סוויני האָט געפונען אַז ער ליידט אויף „אַדוואַנסטע טובערקולאָזיס“. ס'איז דאָרום באַשלאָסען געוואָרען אים צו רעדזשעקטען.

בר. 69 האָט פאַר די לעצטע עטליכע קוואַרטאַלען ניט געצאָלט רעגעלמעסיג די שולדען אין אָפיס. ס'איז גערופען געוואָרען אַ ספּעציעלער מיטינג פון ברענטש און פר. בערמאַן, מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, איז געשיקט געוואָרען צום מיטינג. דער ברענטש האָט פאַרשפּראָכען איינצוצאָלען דעם גאַנצען ביל פאַר דעם איצטיגען קוואַרטאַל און אויסצאָלען דעם חוב טיילווייז מיט יעדען ביל.

מיר האָבען געגעבען אַ דעפּאָזיט אויף 2 מאָרגעדזשעס פון דער „לאָיער מאָרגעדזש און גאַראַנטי קאָמפּאַניע“. איין מאָרגעדזש אויף 155 טויזענט דאָלאַר און אַ צווייטער אויף 105 טויזענט דאָלאַר.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו דרוקען די נייע קאָנסטיטוציע. ס'איז אַרויסגעשיקט געוואָרען פאַר עסטימייטס אויף 150 טויזענט עקזעמפּלאַרען פון דער אידישער קאָנסטיטוציע און 10 טויזענט פון דער ענגלישער.

אונזערע וויקטאָרי באָנדס זיינען פאַרקויפט געוואָרען פאַר $100,831.25. אונז האָבען די באָנדס געקאָסט $182,970.

אַ מיטגליד, וועלכער איז אין אַ. ר. בלויז עטליכע מאָנאַטען, האָט צוגעשיקט אַ בריף, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ פּאַציענט פון אַ טובערקולאָזיס אַנשטאַלט. ער ערקלערט, אַז ער וויל ניט, אַז עס זאָל זיין פאַרשריבען אויף די רעקאָרדס, אַז ער האָט געמאַכט אַ פאַלשען סטייטמענט, אַז ער איז קיינמאָל ניט קראַנק געווען. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אים צו געבען אַ צווייטע דאָקטאָר־עקזאַמינישאָן.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַרהאַנדעלט מיט אַ גרויסער סאָסייעטי וועגען אָנשליסען זיך אָן אַ. ר. זיי ווילען אָבער אַריינקומען לויט די יאָרען ווען זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סאָסייעטי. אונזער עקטשוערי האָט אויסגערעכענט, אַז די סומע דאַרף אויף אַזאַ אופן באַטרעפען אַרום 3 טויזענט דאָלאַר, וואָס זיי וועלען דאַרפען איינצאָלען.

פר. באַסקין רעקאָמענדירט צו מאַכען אַ מאַניפעסט אויף אַ געוויסער צייט אַריינצונעמען געשטראָבענע מיטגלידער און רעכענען זיי לויט די יאָרען וואָס זיי זיינען דאָס ערשטע מאָל אַריינגעקומען אין אַ. ר. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען וועגען דעם אָנפרעגען אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, צי דאָס וועט ניט האָבען קיין ווירקונג אויף אונזערע וואַליואַיישאָן.

ס'איז באַשטימט געוואָרען אויסצואַרבעטען אַ פּאָסטאַל קאָרד מיט פראַגען צו די מיטגלידער, וועלכע לאָזען זיך שטרייכען. די דאָזיגע קאָרד זאָל אַרויסגעשיקט ווערען צוזאַמען מיט דעם בריף וואָס ווערט געשיקט צו די געשטראָבענע מיטגלידער.

דער רעפּאָרט פון דער אָפיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. מאַקס פיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אויסצואַרבעטען אַ ליסט פון לעקטשורערס און זייערע טעמעס, און זיי פאַנאַנדערשיקען צו די ברענטשעס, אום צו מאַכען לייכטער פאַר די ברענטשעס, וועלכע ווילען אָרגאַניזירען לעקציעס.

דעם „פריינד“ דענקט די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אויסצובעסערען צו מאַכען אים רייכער אין אינהאַלט און זען, אַז אין אים זאָל זיך ווירקליך אָפּשפּיגלען די אַרבעטער־באַוועגונג און דאָס לעבען פון אַ.ר.

פר. באַגין און באָטווויניק זיינען ערוויילט געוואָרען אַלס סאָב־קאָמיטע אויסצואַרבעטען אַ גענויעם פּלאַן וועגען דער אַרבעט.

ס'איז אָנגעקומען אַן איינלאַדונג צו זיין פאַרטראָטען ביי דער אינטערנאַציאָנאַלען קולטור צוזאַמענפאָר אין בערלין. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אינ'ם צוזאַמענפאָר זיך ניט צו באַטייליגען.

ס'איז באַשטימט געוואָרען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו צו שטיצען פאָלגענדע שול־אָרגאַניזאַציעס אין אייראָפּאַ, צו 250 יעדע פון דעם אַלגעמיינעם רעליף פאָנד: וואַרשא, ווילנא, ביאַליסטאָק, לאָדזש, קאָוונא, און די קולטור ליגע פון רומעניען.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט געבעטען צו זען, אַז דער „פריינד“ זאָל ערשיינען פּינקטליך יעדען מאָנאַט און אַז די אויטאָגראַפיע זאָל אויסגעבעסערט ווערען, ניט לויט דער לעצטער מאָדערנער סיסטעם.

דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע

פר. בלאק, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

בר. 389 האָט אַפּעלירט געגען דעם באַשלוס פון דער בענעפיט קאָמיטע צוריקצואווייזען די בענעפיט פאַר זייערען אַ מיטגליד. די בענעפיט קאָמיטע האָט גע'טענה'ט, אַז דער באַטרעפענדער איז קראַנק געוועזן דעם 17־טען סעפּטעמבער ביז דעם 1־טען אָקטאָבער 1921. דער סטייטמענט פון דעם דאָקטאָר אין ליווערפּול איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דעם 8־טען אָקטאָבער און אין דזשענעראַל אָפיס איז דער סטייטמענט צוגעשיקט געוואָרען אין מאַי 1922. אויף דעם גרונד וואָס דער סטייטמענט איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען פון דעם מיטגליד אַליין עטליכע מאָנאַטען, האָט די בענעפיט קאָמיטע באַשלאָסען די בענעפיט צוריקווייזען. ס'איז באַשטימט געוואָרען גוטהייסען די האַנדלונג פון דער בענעפיט קאָמיטע.

אַ מיטגליד פון בר. 316 האָט אַפּעלירט געגען אַ טעקס פון $10. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז דער דאָזיגער טעקס איז אָנגענומען געוואָרען פאַר'ן אָרטיגען לייבאָר־ליסעאום ביי אַ ספּעציעלען מיטינג און אַז נאָכהער האָט דער ברענטש אַרויסגעשיקט אַ בריף צו אַלע מיטגלידער, אַז אויב אימיצער קען ניט באַצאָלען דעם גאַנצען טעקס, זאָל ער די $10 אויסצאָלען ביסלעכווייז. דער אַפּעלאַנט איז ניט געקומען צו דער הירינג, אָבוואָל מען האָט אים צוויי מאָל אַרויסגערופען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטהייסען די האַנדלונג פון ברענטש.

אַ מיטגליד פון בר. 221 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט $25 פאַר באַליידיגען דעם סעקרעטער פון לאָאַן פאָנד. אַזוי ווי דער אינצידענט איז פאָרגעקומען ניט ביים מיטינג, האָט די גריוועַנס קאָמיטע באַשלאָסען, אַז דער אַפּעלאַנט זאָל זיך עפענטליך אַנטשולדיגען פאַר דעם סעקרעטער פון לאָאַן פאָנד. אויב ער וועט דאָס טאָן, זאָל די שטראָף פון אים אַראָנטערגענומען ווערען, אויב ניט, זאָל די שטראָף בלייבען.

אַ מיטגליד פון אַ ברענטש אין פּענסילווייניא האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס צו באַשטראָפען אים מיט $99.9. ווען עס איז געווען נאָמיניישאָן פאַר סעקרעטער האָט ער געזאָגט צו אַ צווייטען מיטגליד פון ברענטש, אַז ער דענקט דאָס דער קאַנדידאַט פאַר סעקרעטער איז ניט פּאַסענד פאַר דעם אַמט. אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָכדעם ווי דער סעקרעטער איז ערוויילט געוואָרען און האָט וועגען דעם ערפאַרען, האָט ער יענעם אָנגעקלאָגט אין ברענטש. דער אַפּעלאַנט האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט דעם סטייטמענט געמאַכט פּריוואַט און אַז ער האָט יענעם אין ברענטש ניט אָנגעקלאָגט. דער ברענטש האָט באַשטעטיגט, אַז אָט דער סטייטמענט איז געמאַכט געוואָרען אין אַ פּריוואַטען געשפּרעך און ניט ביי אַן עפענטליכען מיטינג. זיי האָבען אויך צוגעגעבען, אַז די אונטערזוכונגס קאָמיטע האָט קיין רעקאָמענדאַציע צו באַשטראָפען אים ניט אַריינגעבראַכט. די גריוועַנס קאָמ. האָט באַשלאָסען אַראָנטערצונעמען פון אַ פּעלאַנט די שטראָף, נאָר טאַדלען אים פאַר מאַכען אַ סטייטמענט אויף אַ צווייטען מיטגליד, אַפילו פּריוואַט, ווען ער קען דאָס ניט באַווייזען.

בר. 246 האָט אָנגעפרעגט, צי לויט אַרטיקעל 3 פון אונזער קאָנסטיטוציע קען אַ פאָרגעשלאָגענער קאַנדידאַט צוריקגעוויזען ווערען צוליב דער אָדער יענער אורזאַך און ס'איז גענוג אַז 5 מיטגלידער שטימען פאַר צוריקווייזען אים. עס איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז לויט דעם פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע קען יעדער קאַנדידאַט צוריקגעוויזען ווערען פון אַ ברענטש ווען 5 מיטגלידער שטימען פאַר צוריקווייזען.

אַ מיטגליד פון בר. 450, דענווער, האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט $25. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז זיי האָבען אים באַשטראָפט פאַר האַנדלען מיט שנאַפּס; ווייל אַלע וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער באַשעפטיגונג מוזען האָבען באַציאונגען מיט די ערגסטע פּאָליטישענס און שטייען אָפּטמאָל אין געפאַר געשלאָגען אָדער געשאָסען צו ווערען פון דעטעקטיווס. דער אַפּעלאַנט ווידער האָט צוגעשיקט אַן אויסשניט פון אַן ענגלישער צייטונג, אַז אין גע־ריכט איז ער באַפּרייט געוואָרען, נאָר בלויז זיין שותף איז געפונען געוואָרען שולדיג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען אים צו טרענספּערירען אַלס מעמבער עט לאַרדזש אויף 6 מאָנאַטען און אַראָנטערנעמען פון אים די שטראָף.

אַ מיטגליד פון בר. 188 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו שטרייכען אים. דער באַטרעפענדער איז געשיקט געוואָרען אַלס שליח אין אייראָפּא פון טאָלנער רעליף, פון וועלכען זייער ברענטש איז געווען אַ וויכטיגער טייל. זיי האָבען אים באַשולדיגט אין מיסברויכען רעליף־געלדער אַלס שליח און אָנשטעלען אַ געהילפס־סעקרעטער פאַר זיך, ניט אָנפרעגענדיג זיך ביים רעליף א. ד. ג. דער אַפּעלאַנט ווידער האָט גע'טענה'ט, אַז זייענדיג אַ געוויסע צייט אין אייראָפּא האָט ער געבעטען דעם רעליף צו שיקען אַ צווייטען אויף זיין פּלאַץ, ווייל ער וויל צוריקקומען אין אַמעריקע צוזאַמען מיט זיינע עלטערן. דער רעליף האָט אים דאָן געענטפערט, אַז זיי וועלען זיין גרייט אויפצוהאַלטען זיינע עלטערן ווען זיי וועלען קומען קיין אַמעריקע, אום ער זאָל דאָרט קענען פאַרבלייבען אַ געוויסע צייט. ער האָט דאַרום גערעכענט פאַר די עלטערן אַ געוויסע סומע יעדע וואָך. דער דאָזיגער אַפּיל איז אויפגענומען געוואָרען נאָך ביי דער לעצטער גריוועַנס קאָמיטע, וועלכע האָט זיך צוריקגעהאַלטען פון אַרויסגעבען אַן אורטייל ביז דער בית־דין, צו וועמען מען האָט זיך געווענדעט וועגען זעלבען אַפּיל, וועט אַרויסגעבען אַן אַנטשיידונג. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דער באַטרעפענדער זאָל טראַנספּערירט ווערען אַלס מעמבער עט לאַרדזש אויף אַ יאָר צייט. דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרען, ווייל ס'זיינען ניט געווען קיין גענוגענדע באַווייזען צו געפינען אים שולדיג, אָבער פונדעסטוועגען זיינען ביי דער הירינג געבראַכט געוואָרען פאַקטען, וועלכע האָבען געצייגט, אַז דער באַטרעפענדער האָט ניט געהאַנדעלט ווי עס פּאַסט פאַר אַ מיטגליד פון א. ר.

דער רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## וועגען „האיאס“

פר. מאקס פיין באַריכטעט, אַז די סאָב־קאָמיטע, באַשטייענד פון פר. ראָבערטס, דייווידאָף און אים, האָבען געהאַט אַ מיטינג און באַשלאָסען רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו צו רופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע ברענטשעס אין ניו־יאָרק, ערקלערען דאָרט די איצטיגע לאַגע פון דער „האיאס“ און זען, אַז עס זאָל אָנגענומען ווערען אַ פרייוויליגער טעקס פון 15 סענט פער מיטגליד פער קוואַרטאַל פאַר אָט דער וויכטיגער אינסטיטוציע. נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערט באַשלאָסען די רעקאָמענדאַציע גוטצוהייסען. די זעלבע סאָב־קאָמיטע ווערט באַאויפטראַגט צו אַראַנזשירען די קאָנפערענץ.

## פון ברענטש 43

אַן איינלאַדונג פון בר. 43 צו זיין פאַרטראַכטען בייזייער 20־יעריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 3־טען און 4־טען סעפּטעמבער. ערוויילט פר. בערמאַן און קאָהען.

## דעלעגאַטען צו דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע

פאָלגענדע ווערען ערוויילט אַלס דעלעגאַטען פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע:

פון דער נאַציאָנאַלער באָרד און דירעקטאָרען: מ. איווענסקי, ניו־יאָרק; מ. מינדלין, ניו־דזשוירזי; ס. יאַנאָס, מאַסאַטשוזעטס; ס. עטינגער, פּענסילווייניא, וו. סאַק. קאָנעטיקוט. פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע: י. באַסקין, ר. גוסקין, י. וויינבערג, י. ראָבערטס, מ. דייווידאָוו, ב. לעוויטאַן, ל. ראָטהמאַן, ל. דינערשטיין, ר. בלאק, י. פּאָדניק.

---

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ערקלערט, אַז זייער קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו, אַז אונזערע דעלעגאַטען זאָלען ביי דער קאָנווענשאָן פון דער פּיפּעלס רעליף האָבען אַ מיטינג און דאָרט אויפ'ן פּלאַץ אָננעמען אַ שטעלונג בנוגע די פראַגען וואָס וועלען פאַרהאַנדעלט ווערען: אַז דער באַשלוס פון דער מאַיאָריטעט פון אונזערע דעלעגאַטען זאָל זיין בינדענד פאַר דער גאַנצער דעלעגאַציע. די רעקאָמענדאַציע ווערט אָנגענומען.

---

פר. געליבטער דייטעט אָן, אַז אין דעם לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום איז אָנגענומען געוואָרען דער פּונקט וועגען אַ 5 סענט אַסעסמענט פאַר אַ היים פאַר אַלטע מיטגלידער, און דער אַסעסמענט וועט זיך אָנפאַנגען פון דעם ערשטען אָקטאָבער. די ענדערונגען אין די אַנדערע אַסעסמענטס, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען דורכ'ן רעפערענדום, וועלען אַריין אין קראַפט דעם ערשטען יאַנואַר 1923.

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

אין סאַניטאַריום געפינען זיך איצט 88 פּאַציענטען. די צאָל פון באַצאָלטע פּאַציענטען ווערט אַלץ גרעסער. מען קען ערוואַרטען, אַז די צאָל וועט זיך נאָך מער פאַרגרעסערען, נאָכדעם ווי עס איז אָנגענומען געוואָרען דער פּונקט פון לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום אַריינצונעמען שוועסטער און ברידער פון מיטגלידער. אָט צוליב דעם וועט נויטיג זיין צו שאַפען מער פּלאַץ פאַר'ן סאַניטאַריום. די סאַניטאַריום קאָמיטע איז געקומען צום שלוס, אַז מען זאָל אויפבויען אַ מאָדערנע לין־טו, וואָס זאָל קענען אַריינעמען אַרום 50 פּאַציענטען און וואו עס זאָל זיין סטים און אַנדערע באַקוועמליכקייטען. אין דער לין־טו זאָל זיך אויך געפינען אַ רעקריאייש'אָן רום, אַ באָולינג־אַלי, וואו די פּאַציענטען זאָלען קענען פאַרברענגען. אַזאַ לין־טו דאַרף קאָסטען אַרום 70—75 טויזענט דאָלאַר.

דער דענטאַל קליניק איז שוין אויסגעשטאַט. דר. זעלדין האָט אויף זיין לעצטען באַזוך אין סאַניטאַריום עקזאַמינירט די ציין פון אַלע פּאַציענטען און עס ווערען געמאַכט די לעצטע פאָרבאַרייטונגען, אַז דער דאָזיגער דעפּאַרטמענט זאָל אָנפאַנגען צו פונקציאָנירען.

די גרויסע וואָג אויף צו וועגען קוילען א. ד. ג. איז פאַרריכט געוואָרען פון אונזער אינזשעניר. דאָס האָט געקאָסט אַ גאַנץ אומבאַטייטענדע סומע.

ס'איז געקויפט געוואָרען טרעקס מיט אַ קליינער קאַר, אום צו קענען אַריבערפירען זאַמד, שטיינער א. ד. ג. פון איין פּלאַץ אויף אַן אַנדערען. דאָס וועט שפּאָרען פיל אַרבעט. אָט די קאַר מיט די טרעקס קאָסטען אַרום $135.

דריי רומס זיינען געפּיינט געוואָרען. די אַרבעט וועט קאָסטען אַרום $60.

אַ נייער באָילער איז געאָרדערט געוואָרען, וועלכער וועט קאָסטען אַרום $1100. דער אַלטער באָילער איז רעדזשעקטעט געוואָרען פון

די סטייט אינספּעקטאָרס, וועלכע האָבען לעצענס אונטערזוכט דעם באָילער און די אַנדערע מאַשינען אין סאַניטאַריום.

אין דער ערשטער לין־טו וועט געמאַכט ווערען אַ „דרייניזש“, כדי די וואַסער וואָס רינט אַריין אין בייסמענט זאָל ניט בלייבען שטיין.

די קאָלאָניע הייזער פאַר די טשיקענס וועלען מוזען געמאַכט ווערען. מיר האָבען געקראָגען אַן עסטימייט, לויט וועלכע דן קאָלאָניע הייזער דאַרפען קאָסטען אַרום $4000, אָבער עס ווערען גענומען נאָך עטליכע עסטימייטס, ווייל די סאַניטאַריום קאָמיטע איז אונטער דעם איינדרוק, אַז די אַרבעט וועט דאַרפען קאָסטען ביליגער.

ווי עס איז שוין לעצטען מאָנאַט רעפּאָרטעט געוואָרען, מוז דער נייער רעזערוואואַר געבויט ווערען, כדי צו פאַרזיכערען דעם סאַניטאַריום מיט וואַסער. די קאָמיטע איז אָבער געקומען צום שלום, אַז אנשטאָט בויען ידעם רעזערוואואַר אויף אונזערע גראַונדס, וואָלט געווען מער ראַטזאַם אָפּצוקויפען אַ שטיקעל פּלאַץ 100 ביי 100 פון אַ פאַרמער לעבען סאַניטאַריום, ווייל יענער פּלאַץ איז אַ סך העכער און דאָס וואָלט געשאַפען אַ שטאַרקערע טרייב־קראַפט, אַז די וואַסער זאָל בעסער גרייכען אַלע געביידעס אין סאַניטאַריום. די קאָמיטע האָט באַשלאָסען זיך דורכצורעדען מיט יענעם פאַרמער און אים פאָרשלאָגען פון $1000 ביז $1200 פאַר אַזאַ שטיקעל פּלאַץ.

אַ פּאַציענט און מיטגליד פון בר. 434 איז געווען ענסט קראַנק און מען האָט אים געמוזט צוריקשיקען אַהיים. די הוצאות פון איבערשיקען אים פון סאַניטאַריום איז צוגערעכענט געוואָרען צום חשבון פון ברענטש. אַן ענליכער פאַל איז אויך געווען מיט אַ באַצאָלטע פּאַציענטין, אַ פרוי פון אַ מיטגליד פון בר. 69.

דער קאָנצערט, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרען פאַר'ן לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, דעם 30־טען יולי, איז געווען אַן ערפאָלג. דער ריינער פּראָפיט וועט זיין איבער $3000.

בר. 43 האָט צו זייער 20־יעריגען יובילעאום באַוויליגט צו פּרעזענטירען דעם סאַניטאַריום מיט אַ „ראַדיאָ“, וואָס זאָל קאָסטען ביז $250.

---

עס ווערט באַשלאָסען וועגען דעם פּלאַן פון בויען אַ נייע לין־טו צו האַנדלען ביי אַ צווייטען מיטינג.

דער איבעריגער טייל פון דעם רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

אין בר. 246 זיינען די פאָרטרעטער פון דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַליידיגט געוואָרען און די אַרט און ווייזע ווי מאַנכע מיטגלידער האָבען גערעדט איז איינפאַך געווען באַליידיגענד. פר. וואָלף און לעוויטאַן זיינען געווען אין ברענטש און די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע איז געקומען צום שלום, אַז צוויי מיטגלידער זאָלען טראַנספּערירט ווערען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

אין בר. 345 איז געווען אַ דעבאַטע וועגען די האַנדלונגען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן. פר. ראָבערטס איז דאָרט געווען פאַרטראָטען. זיי זיינען געווען זייער דאַנקבאַר פאַר שיקען צו זיי אַ קאָמיטע.

בר. 210 האָט מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעשיקט אַ צושריפט צו די ברענטשעס, אין וועלכען זיי האָבען אָנגעדייטעט, אַז מען דאַרף זיך ניט באַטייליגען אין דער „פּראָטעסט קאָנווענשאָן“, נאָר רופען אַ ספּעשעל קאָנווענשאָן זיך דורכצורעדען וועגען די רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן אָנגענומען געוואָרען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט גערופען אַ ספּעציעלען מיטינג פון בר. און פר. וויינבערג איז דאָרט געווען פאַרטראָטען. ער האָט אַדרעסירט דעם מיטינג פון ברענטש און זיי ערקלערט די סיטואַציע.

ער (דינערשטיין) איז געווען פאַרטראָטען ביי בר. 374. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדניס וועגען שטימען דעם רעפערענדום. ער האָט זיך דורכגערעדט וועגען דער אנגעלעגענהייט און די מיספאַרשטענדניס איז אויסגעגליכען געוואָרען.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע וועט אין גיכען אָרגאַניזירען 2 נייע ברענטשעס.

די מעמבערס עט לאַרדזש אין פּעטערסאָן, וועגען וועמען עס איז שוין עטליכע מאָל רעפּאָרטעט געוואָרען, וועלען זיך ענדליך אַנשליסען אַן בר. 30 און 140.

אין דער „פּראָוויזיט“ איז מיט אַ צייט צוריק איבערגעגעבען געוואָרען, אַז די קענסעס דיסטריקט קאָמיטע האָט אָנגענומען אַ פּראָטעסט רעזאָלוציע געגען דער לעצטער קאָנווענשאָן. קענסעס דיסטריקט קאָמיטע האָט צוגעשיקט אַן ערקלערונג, אַז זיי האָבען אַזאַ רעזאָלוציע ניט אָנגענומען.

די קאַליפאָרניע דיסטריקט קאָמיטע האַלט אין אָרגאַניזירען אַ נייעם ברענטש.

פר. וויינבערג, לעוויטאַן און וואָלף זיינען געווען אין פּעטערסאָן ביי אַ מיטינג פון דער דיסטריקט קאָמיטע און עס זיינען דאַמאָלס אויך אַנוועזענד געווען אַ היבשע צאָל אָרטיגע מיטגלידער. מען האָט זיך מיט זיי דורכגערעדט וועגען ווייטערדיגער אַרבעט. ס'איז צו ערוואַרטען, אַז די דיסטריקט קאָמיטע וועט זיין אַקטיוו אויפ'ן געביט פון אָרגאַניזאַציאָנס און אַלגעמיינער טעטיגקייט.

פר. לעוויטאַן איז געווען פאַרטראָטען אין האַרטפאָרד און האָט זיך דורכגערעדט מיט זיי וועגען די סכסוכים וואָס קומען פאָר צווישען זיי אין מאַנכע ברענטשעס.

אַ גרופּע מיטגלידער פון בר. 716, ספּרינגפילד, פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל פאַר זיי באַוויליגען אַ נייעם ברענטש, ווייל זיי קענען ניט שטימען מיט די איבעריגע מיטגלידער. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אויב זיי וועלען קריגען 25 נייע קאַנדידאַטען, זאָל אַ נייער בר. פאַר זיי באַוויליגט ווערען.

בר. 92, וואַשינגטאָן, האָט איינגעלאַדען די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ. צו קומען צו אַ ספּעציעלען מיטינג פון ברענטש. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז ביי אַ גינסטיגערער געלעגענהייט וועט גערופען ווערען אַ ספּעציעלער מיטינג און אַ פאַרטרעטער וועט געשיקט ווערען אַהין, אַזוי גוט ווי אין די אַנדערע ברענטשעס אין די אַרומיגע שטעט.

די מילוואָקי דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען, אַז בר. 644 וועט דאַרפען אויפגעלייזט ווערען, ווייל זי האָט ניט קיין אַקטיווע טוער, וועלכע זאָלען וועלען טאָן די רוטינע אַרבעט. זיי האָבען פאַרלאַנגט, אַז זייער חוב פון עטליכע און פערציג דאָלאַר צום אָפיס זאָל ניט צוגערעכענט ווערען צו די מיטגלידער, וועלכע וועלען טראַנספערירט ווערען צו אַנדערע ברענטשעס. די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט די פראַגע איבערגעגעבען צו דער אָפיס קאָמיטע.

די $1000, וואָס זיינען באַוויליגט געוואָרען פאַר די קינדערשולען אין וואַרשאַ, איז באַשלאָסען געוואָרען איבערצושיקען דורך דער „האיאס“.

וועגען די $3000, וואָס איז באַשטימט געוואָרען אויף אַגריקולטור־מאַשינען פאַר אידישע קאָלאָניסטען אין רוסלאַנד, האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען צו דער עקזעקוטיוו, אַז ווען אַ פאַרטרעטער וועט געשיקט ווערען אין דייטשלאַנד איינצוקויפען די אויסשטאַטונג פאַר אונזער האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד, זאָל יענער אויך איינקויפען די דאָזיגע מאַשינען.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אויפצולייזען די פאָלגענדע דיסטריקט קאָמיטעס, ווייל זיי האָבען פאַר די לעצטע עטליכע יאָר ניט אַרויסגעצייגט קיין אַקטיוויטעט:

לואיזיאַנאַ, מעין, קענזעס סיטי, אַלבאַני, באַפאַלאָ, ראָטשעסטער, סיראַקיוז, פּראָווידענס, סקרענטאָן, וואָוסטער, מאָנטריאַל און מינעאַפּאָליס.

וועגען די דיסטריקט קאָמיטעס פון באָסטאָן און דעטראָיט איז נאָך קיין באַשטימער באַשלוס ניט געפאַסט געוואָרען.

ס'איז באַשטימט געוואָרען, אַז די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס און סיטי עדיוקיישאָנאַל קאָמיטעס זאָלען אַרבעטען דעם יאָר געמיינשאַפטליך.

די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט געהאַנדעלט וועגען דער קלאַגע פון בר. 745, האָליאָק, געגען פר. קרינסקי און געפונען אים שולדיג אין איבערגעבען צו אַ צווייטען דעם קרעדענשעל, וואָס בר. 745 האָט געגעבען אים פּערזענליך. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אים טאַדלען פאַר דער האַנדלונג.

דער רעפּאָרט פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען און דער מיטינג ווערט געשלאָסען.

פּ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

# בריף-קאַסטען

י. וויינ־ן: לויט דער קאָנסטיטוציע פון אַ. ר. איז אַזאַ זאַך פאַרבאָטען.

מ. קאַרעניוקים, נ. י.: מיר קענען אייך פאַראויס ניט פאַרזיכערען. אַז עס וועט טויגען וועט עס געדרוקט ווערען. מיר פאַרזיכערען אייך אָבער, אַז איר דאַרפט ניט האָבען קיין „פּול“.

מ. פּאַטאַש: איר האָט דאָך שוין געלעזען אין די פּראָטאָקאָלען פון לעצטען חודש, אַז דער רעדאַקטאָר איז באַפרייט געוואָרען פון צו שרייבען עדיטאָריעלס, מיט וועלכע ער איז ניט אינגאַנצען איינפאַרשטאַנען. טו צו וואָס דאַרפט איר איבערפרעגען די זעלבע קלאָץ קשיא?

מאַקס ראַבינאָוויטש, סיראַקיוז: עס וואָלט געווען גלייבער ווען איר וואָלט גלייך, ווי איר האָט דערזען דעם קאָנווענשאָן־בולעטין, געשריבען צום „פריינד“ און מיר וואָלטען געוויס געמאַכט די קאָרעקשאָן, און ממילא וואָלטען מיר ניט געדאַרפט ענדערען די פּראָטאָקאָלען. אגב, האָט די רעדאַקציע קיין רעכט ניט צו מאַכען וועלכע עס איז ענדערונג אין די קאָנווענשאָן־פּראָטאָקאָלען. דאָס קען נאָר טאָן דער סעקרעטאַריאַט. מיר קענען נאָר דאָ פאַרצייכענען, אַז איר פּראָטעסטירט וואָס אייער נאָמען איז אַריינגערעכענט אין די פּראָטאָקאָלען צווישען די, וואָס האָבען געשטימט פאַר די רעזאָלוציעס וועגען סאָוויעט־רוסלאַנד און די וואָרקערס־פּאַרטי, אין דער צייט וואָס אין דער אמת'ן האָט איר זיך אָפּגעהאַלטען פון שטימען.

פּ. בערנשטיין: מיר האָבען זייער ווייניג פּלאַץ פאַר אַזעלכע ערקלערונגען.

איידאַ ברוק: ליידער קענען מיר זיך מיט דעם ניט באַנוצען.

# אַן אָפענער בריף צו דער „פרייהייט"

פון פ. געליבטער

מיט יעדען טאָג פון דער וויטערדיגער עקזיסטענץ פון אייער צייטונג צייגט איר אַלץ מער אַרויס אייער אומפעאיגקייט און אומפאַראַנטוואָרטליכקייט אַלס מענטשען, וועלכע ווילען זיין די וואָרטפירער פון אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג.

אייערע זשורנאַליסטישע מעטאָדען די לעצטע צייט פּאַסען זיך גיכער פאַר אַן עכט געלער, מאַרק־שרייענדער אַמעריקאַנער צייטונג, ווי פאַר אַ טעגליכען אָרגאַן פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, וועלכע וויל אַריינברענגען קלאַסען־באַוואוסטזיין, רעוואָלוציאָנערען גייסט און פאַרשטענדניס פאַר דער אַרבעטער־זאַך.

די טויזענטער אידישע אַרבעטער, וועלכע האָבען פינאַנציעל און מאָראַליש געהאָלפען שאַפען די מעגליכקייט, אַז די „פרייהייט" זאָל ערשיינען — און דער שרייבער פון די צײלען האָט אַ היבשען חלק אין אָט דער אַרבעט — האָבען אין זין געהאַט אַ צייטונג פון אַ גאַנץ אַנדערע סאָרט. זיי האָבען אין זין געהאַט, אַז די „פרייהייט" אַלס אַ פּאַרטיי־אָרגאַן וועט ניט בלויז העלפען פאַרשטאַרקען און באַפעסטיגען די רייען פון דער אייגענער אָרגאַניזאַציע, נאָר אַלס טעגליכע צייטונג וועט זי אויך אויסאיבען אַן איינפלוס אויף די הונדערטע טויזענדע אידישע אַרבעטער, וועלכע האָבען עפּעס געלערנט פון דער וועלט־מלחמה און פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אָבער אַלע, וועלכע באַאָבאַכטען מיט אָפענע אויגען וואָס עס קומט פאָר ביי אייך און אַרום אייך, זעען קלאָר, אַז די „פרייהייט" האָט געהאַט פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג. זי האָט געפירט צו שפּאַלטונגען, רייסערייען און קאַלטער גלייכגילטיגקייט אין אייער אייגענער פּאַרטיי און זי האָט אָפּגעשטויסען און האַלט אין אָפּשטויסען פון זיך די מאַסע אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטער, אַ דאַנק איר נאַרישער, ניט אויסגעהאַלטענער און אָפט מאָל טאַקטלאָזער פּאָליטיק. דאָס איז דערפאַר, ווייל די מיטאַרבעטער פון אייער צייטונג שטעלען מיט זיך צוזאַמען אַזאַ פּאָליטישען דור הפלגה, אַז ס'איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס זיי קענען קיינמאָל ניט מאַכען קיין אונטערשייד צווישען קריטיקירען און אַטאַקירען. אַטאַקעס פאַרנעמען אין אייער צייטונג דעם פּלאַץ פון קריטיק; שמוץ־וואַרפעריי הייבט אָן מער און צו פאַרנעמען ביי אייך דעם פּלאַץ פון אויפקלערונג. ווי ווייט איר וועט אַוועקגיין מיט אַזעלכע מעטאָדען, וועט די צוקונפט ווייזען.

פאַרבייגייענדיג מעג אָנגעדייטעט ווערען, אַז אין ניו־יאָרק גייט אַרויס אַ דייטשע טעגליכע צייטונג, „די פאָלקסצייטונג", וועלכע אַגיטירט אויך פאַר דער וואָרקערס פּאַרטי און פאַר'ן דריטען אינטערנאַציאָנאַל, און פונדעסטוועגען האָב איך נאָך דאָרט ניט געפונען קיין אַטאַקעס אויף די דייטש־אַמעריקאַנער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. די דייטשע אַרבעטער אין אַמעריקע האָבען יוניאָנס, וועלכע זיינען פונקט אַזוי ווייט פון קאָמוניזם, ווי די אידישע יוניאָנס; די דייטשע „קראַנקען־ און שטערבע־קאַסע", וועלכע איז אַן ענליכע אָרגאַניזאַציע ווי אונזער אַרבעטער־רינג, איז אויך ווייט ניט קאָמוניסטיש, דאָך ווערען זיי פון דער „פאָלקסצייטונג" ניט אַטאַקירט. ווי קומט עס? איז אפשר די „פרייהייט" מער רעוואָלוציאָנער ווי די „פאָלקסצייטונג"? ניין, די „פאָלקסצייטונג" איז מער רעוואָלוציאָנער; נאָר די „פאָלקסצייטונג" איז אַן אויסגעפּראָבירטע אַרבעטער־צייטונג מיט פאַראַנטוואָרטליכקייט, האָט סאָציאַליסטישע טראַדיציעס און באַרויפט די מעטאָדען פון קלאַסענקאַמף. די „פרייהייט" איז דאָס ניט און אירע מיטאַרבעטער באַזיצען ניט דאָס, וואָס מען רופט: „סאָציאַליסטישע עטיק".

נאָכדעם ווי איר האָט אין דער "פרייהייט" געדרוקט בריף פון לעזער, וועלכע האָבען אייך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איהר זאָלט אויפשטעלען די שמוץ־וואַרפעריי און אַטאַקעס אויף אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, האָט איר אַנשטאָט דעם זיך גענומען וואַרפען בלאָטע אויף איינצעלנע פּערזאָנען פון דער באַוועגונג. דענקט איר, אַז דערמיט וועט איר וועקען דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין ביי די אידישע אַרבעטער־מאַסען? דענקט איר, אַז דערמיט וועט איר שאַפען אַ באָדען פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי? מעגליך, אַז איר וועט דאַדורך קריגען פאַר אייער צייטונג נאָך עטליכע טויזענט לעזער, וועלכע האָבען הנאה פון מאָהדע־רייבעריי; אָבער די ערליכע, מער ערנסטערע מענשען אין דער באַוועגונג וועלען זיך אויסדרייען צו אייך מיט'ן רוקען צוליב אָט דער פּאָליטיק פון אייער זייט.

אין איינעם פון אייערע געמיזעכץ־„פּיטשורס" שלעפּט איר אַריין מיין וויניגקייט און איר שרייבט, אַז איך (אמת, איר רופט ניט אָן מיין נאָמען, אָבער דאָס מאַכט דעם עסק נאָך מער עקעלהאַפט, נאָך מער אַבשייליכער, דאָס איז וואָס דער אַמעריקאַנער רופט „בלעקמייל") בין געוואָרען אַ פייערדיגער לינקער, ווען דער באָלשעוויזם איז אַריין אין דער מאָדע און דער וועג צו לינקיזם איז באַטראַכט געוואָרען סטיליש. מיט דער ערקלערונג באַווייזט איר בלויז וויפיל חוצפה איר באַזיצט. איר, אַזוי גוט ווי די מיטגלידער פון אייער פּאַרטיי, ווייסען, אַז איך בין געווען פאַרבונדען מיט דער לינקער באַוועגונג און בין געווען דער רעדאַקטאָר פון „קאַמף" דאַן, ווען דאָס וואָרט קאָמוניזם האָט געשמעקט מיט געפאַר. פאַרקערט, איר, מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט", זייט געקומען צו דער „וואָרקערס פּאַרטי" ערשט דאַמאָלס, ווען מען האָט אייך פון „פאָרווערטס" אַרויסגעוואָרפען. דאָ וויל איך אייך פרעגען: אויב איר זייט אַזעלכע פּרינציפּיעלע מענטשען און הטאים־זוכער, טאָ ווי קומט עס וואָס איר, געוועזענע מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס", האָט ניט רעזיגנירט פון „פאָרווערטס", ווען איר האָט באַשלאָסען אַרויסצוגיין פון דער ס. פּ.? דער „פאָרווערטס", אויף וועלכען איר קריצט היינט אַזוי מיט די ציין, איז דאָך דאַמאָלס ניט אַנדערש געווען. פונדעסטוועגען האָט איר געוואַרט ביז אַב. קאַהאַן וועט צוריקקומען פון אייראָפּא און געהאָפט מאָמער וועט איר נאָך קענען פאַרבלייבען אין „פאָרווערטס" אויף אייערע פּלעצער. ווען איר האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווען איר האָט געזען, אַז דאָס ביסעל מיטגלידער וואָס איז נאָך פאַרבליבען אין דער אַמאָליגער סאָצ. פעדעראַציע האָט אייך אויך פאַרלאָזען, ווען איר האָט געזען, אַז אייך קומט אויס אַליין צו שווימען אויף אַ געזונקענער שיף, ערשט דאַמאָלס זייט איר אַוועק לינקס, צו דער וואָרקערס פּאַרטיי.

ס'איז גענוג צו וואַרפען אַ קורצען בליק אויף דעם מענטשען־מאַטעריאַל, פון וועלכען עס באַשטייען די פירער פון דער אידישער סעקציע פון דער וואָרקערס פּאַרטיי און די מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט" צו וויסען די פּרינציפּען־אויסגעהאַלטענקייט און רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק פון אייער צייטונג:

י. ב. סאַלוצקי, אַ מענטש, וועלכער האָט פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט אין אַמעריקע נוט געמאַכט קיין שריט, אויסער ווען דאָס האָט אים פּערזענליך געהאָלפען ברענגען פּרעסטיזש און גלאָרי. אין דער צייט פון דער מלחמה איז דער צאַצקעדיגער בחור געווען אַ פאַרברענטער ווילסאָניאַנער און אין דער „נייע וועלט" פלעגט ער שפּייען מיט פייער אויף יענע „לינקע" גענאָסען, וועלכע האָבען געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטען געגען זיין שטעלונג. ער פלעגט די באָלשעוויקעס אין אַמעריקע אָנרופען מיט די ערגסטע נעמען און מאַכען פון „די אינגלאַך" אַש און בלאָטע. ווען ער האָט אָבער דערשמעקט, אַז אין „וואָרקערס קאָונסיל" (אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז אין דער מלחמה־צייט געגרינדעט געוואָרען צו באַקעמפען דעם פּאַטריאָטיזם) איז דאָ אַ באַצאָלטער אַמט פון אַ סעקרעטער, איז ער איבער נאַכט געוואָרען אַ פּאַסיפיסט. אַלע וואָס קענען סאַלוצקין ווייסען, אַז ער האָט אין אַמעריקע ניט געטאָן אַ האַנט אין קאַלטען וואַסער, אויב ער האָט דערפאַר ניט געקראָגען באַצאָלט. דאָס איז אַ סאָציאַליסטישער קאַריעריסט, וועמעס נאַטור, כאַראַקטער און פּערזענליכע נייגונגען דערמאָנען אייך אָן אַ יעזואיט. ער איז אַריין אין דער וואָרקערס פּאַרטיי, דענקענדיג, אַז אָט דאָ וועט ער ענדליך דערגרייכען זיין אידעאַל צו ווערען אַ רעדאַקטאָר פון אַ טעגליכער צייטונג. ווען זיין חלום איז ניט פאַרווירקליכט געוואָרען, ווען אַנדערע און ניט ער זיינען באַשטימט געוואָרען אַלס רעדאַקטאָרען פון דער „פרייהייט", האָט ער זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט. אויב זיין אַמביציע איז ניט דערגרייכט, האָט ער אין ד'ערד די „פרייהייט" און די וואָרקערס פּאַרטיי.

משה כץ — אַ ציוניסט זייט די מאַמע האָט אים געהאַט. העלפט אים גאָט, ער פאָרט אין רוסלאַנד און ער קומט צוריק מיט אַ גרויטער דיפּלאָמע פון אַ באָלשעוויק און הייבט גלייך אָן צו שרייבען אַרטיקלען פאַר'ן „פאָרווערטס". שעפּט זיך ביי אים אויס דער קוואַל פון אַרטיקלען וועגען סאָוויעט־רוסלאַנד און ער פאַרליערט נעבאַך זיין שטעלע אין „פאָרווערטס". פּאַקט ער באַלד איין זיין רייזע־טאַש און פאָרט אַרויס אויף אַ לעקציע־טור פאַר דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, וועמעס אָרגאַן האָט נאָך דאַמאָלס געוואָרפען אַ היבש ביסעל שמוץ אויף די קאָמוניסטען און באָלשעוויקעס. און ווען עס האָט זיך אָנגעיאָגט אַ געלעגענהייט צו ווערען אַ רעדאַקטאָר פון אַן אַנאַרכיסטישער צייטונג, וועלכע איז אגב פיינדליך צו די באָלשעוויקעס, האָט זיך כץ דערפון אויך ניט אָנטזאָגט.

פ. נאָוויק — אַ אינגעל, וועלכער איז שטענדיג געשטאַנען „פאַרקאָריזאָרק" פאַר הער י. ב. סאַלוצקי. אַ מענטשעלע אָן אַ ווילען, ניט קיין פיש און ניט קיין פלייש. קומענדיג צוריק פון אייראָפּא, ווערט ער מיט אַמאָל אַ „שרייבער" אין „פאָרווערטס", פוירענדיג דאָרט די אָפּטיילונג: „אין דער סאָציאַליסטישער וועלט", האָט ער שטענדיג אויסגעפונען אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס זאָל דיסקרעדיטירען די קאָמוניסטישע באַוועגונג, דעם דריטען אינטערנאַציאָנאַל און די סאָוויעט־רעגירונג. אַז מען האָט אים אַרויסגעוואָרפען פון „פאָרווערטס" איז ער געוואָרען אַ פייערדיגער רעוואָלוציאָנער און אַ מיטאַרבעטער אין דער „פרייהייט" אויף דער לעצטער פּוידזש.

ליליפּוט — אַ מענש, וועלכער האָט שוין אַלע עבודה זרות אויסגעדינט. געפּריידיגט ס. ל. פּ. סאָציאַליזם אין דעם אָרגאַן פון דער ס. ל. פּ.; איז געווען אַ „בעסערע געלעגענהייט" האָט ער גענומען שרייבען אין דער טאַמאַני האָל „וואָרהייט"; האָט מען באַצאָלט מער אין „פאָרווערטס", האָט ער געשריבען פאַך דער סאָצ.

פאַרטיי; איז ניט געווען קיין ברירה איז ער געוואָרען אַ מיטאַרבעטער פון דער ציוניסטישער „צייט“, און אַז ס'איז ניטאָ קיין אויסוועג ווערט מען אַ רעוואָלוציאָנער און אַ מיטאַרבעטער פון דער „פריוויוט“.

דאָס איז אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דער פרינציפּען־אויסגעהאַלטענקייט פון די מיטאַרבעטער פון אייער צייטונג און פון מאַנכע וואָרט־פירער פון דער אידישער סעקציע פון דער וואָירקערס פאַרטיי. איך וואָלט אַזוי געקענט גיין כסדר און איבערגעבען דעם „גלענצענדען רעקאָרד“ פון נאָך און נאָך. נאָר צו וואָס פאַרנעמען פּלאַץ? די אויבענגעבראַכטע עקזעקמפּלאַרען זיינען אַ גענוגענדער באַווייז פון וואָסער טיוג אייערע ניי־געבאַקענע רעוואָלוציאָנערען זיינען געקנאָטען. אַט צוליב דער דאָזיגער פּאָליטישער פיזאָנאָמיע פון אייערע פירער זיינען עטליכע טויזענט מיטגלידער — איך אויך צווישען זיי — געבליבען שטיין פון דער ווייטענס, ווען ס'איז באַשלאָסען געוואָרען פון אויבען צו פאַראייניגען זיך מיט דער אידישער סאָצ. פעדעראַציע, באַטש דאָס איז געווען געגען דעם ווילען פון דער מאַיאָריטעט פון אַנדערען צד. ניין, מיט אַזעלבע „רעוואָלוציאָנערע“ וואָרט־פירער כאַפּט ניט אָן קיין שטאַרקער חשק צו זיין אין איין פאַרטיי.

און דאָ וויל איך, אַז אייערע לעזער זאָלען וויסען וועגען פאָלגענדען פאַקט: אין פאַרלויף פון די לעצטע עטליכע וואָכען האָט אַ פאָרטרעטער פון דער „פריוויוט“ זיך געווענדט צו מיר צוויי מאָל, אַז איך זאָל זיך אָנשליסען אָן דער וואָירקערס פאַרטיי און ווערען דער מענעדזשער פון דער „פריוויוט“. איך האָב זיך דערפון אַנטזאָגט. דאָס ערשטע מאָל איז מיר דער פאָרשלאַג געמאַכט געוואָרען אין דער אַנוועזענהייט פון אייניגע עקזעקוטיוו מיטגלידער פון דער אידישער סעקציע פון דער וואָירקערס פאַרטיי. ווען איך האָב יענעם געפרעגט, ווער ס'האָט אים אויטאָריזירט צו מאַכען דעם פאָרשלאַג, האָבען די אַנוועזענדע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו פון דער אידישער סעקציע פון דער וואָירקערס פאַרטיי דאָס אָפיציעל באַשטעטיגט. אויב איר וועט עס אָפּלייקענען, וועל איך דאָס באַווייזען מיט צוויי באַוואוסטע פאַרטיי־חברים, פאַר וועמען איר האָט זיך נאָכהער באַקלאָגט אויף מיר און געמאַכט פאָרוואורפען, למאי איך האָב זיך אַנטזאָגט אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג. נאָך מער, מיט דריי טעג פריער איידער איר האָט אָפּגעדרוקט אין דער „פריוויוט“ די אַטאַקע אויף מיר, האָב איך זיך געטראָפען מיט יוסף בערסאָן, רעדאַקטאָר פון „פריוויוט“, און נח לאַנדאָן און זיי האָבען מיט מיר ווידער גערעדט, אַז איך זאָל זיך אָנשליסען אָן דער וואָירקערס פאַרטיי.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס אַזוי: „איר רופט מיך, און פאָלגליך בין איך גענוג פּאַסענד, צו ווערען אַ מיטגליד פון דער וואָירקערס פאַרטיי; איר ווילט איך זאָל ווערען דער מענעדזשער פון דער „פריוויוט“; נאָר אויב איך אַנטזאָג זיך, ווייל איך וויל פריער זען אייער פּאָליטישען קאַליר אין דער צוקונפט, דאַן גיסט איר אויס אויף מיר אַ באַמוניצע. ווי קען מען אָנרופען אַט אַזאַ באַציאונג, אַט אַזאַ האַנדלונג? זאָלען די לעזער דעם פּאַסענדען אויסדרוק דערפאַר געפינען.

ווען די רעדאַקטאָרען פון דער „פריוויוט“ וואָלטען ווירקליך געפילט די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דער פאַרטיי־צייטונג, ווי דאָס שפּירט זיך אין דער דויטשער „פאָלקסצייטונג“, וואָלטען זיי ניט ערלויבט צו דרוקען 90 פּראָצענט פון דעם שמוץ און פון די זלזולים וואָס ערשיינען טאָג־טעגליך.

אויב איר וועט אַזוי ווייטער שמירען די רעדער פון דער „פריוויוט“, וועט איר דעם וואָגען פון אייער צייטונג צוזאַמען מיט דער וואָירקערס פאַרטיי פאַרשלעפּען אין דעם זעלבען אָפּגרונד, אין וועלכען איר האָט פאַרשלעפּט אייער געוועזענע אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע.

פ. נעליבטער.

אין דער זשורנאַליסטישער וועלט פירט זיך, אַז ווען איינער ווערט אַטאַקירט, ערלויבט אים די צייטשריפט צו ענטפערן אויף די אַטאַקעס. דעם בריף האָב איך פריער איבערגעגעבען צו דער „פריוויוט“, אָבער דער שעף־רעדאַקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז די „פריוויוט“ וועט דעם בריף ניט דרוקען. איך בין דארום געצוואונגען צו בעטען פּלאַץ אין „פריינד“.

פ. נ.

# פאַראייניגטע אַ. ר. ברענטשעס פאַר דער אַמאָל־געמייטער רוסישע אינדוסט. קאָרפּאָריישאָן

צו אַלע אַ. ר. ברענטשעס פון גרייטער ניו־יאָרק און אומגעגענט

טייערע פריינד!

דער אַרבעטער־רינג, דער גרעסטער אידישער סאָציאַליסטישער קולטור־אָרדען, וועלכער איז איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער אין דער גרויסער פּראָלעטאַרישער משפחה אין דער וועלט, איז אין זיין 23־יאָריגער טעטיגקייט שוין אַ סך מאָל געמוסט געוואָרען צו קומען צו הילף געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, ווי אויך גאַנצע פעלקער, אין זייער נויט, און אַלע מאָל האָט ער גלענצענד ערפילט זיין הייליגע פליכט.

אין דער צייט ווען דאָס רוסישע פאָלק איז אין זיין ריזיגען קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון צאַריזם און קאַפּיטאַליזם באַפאַלען געוואָרען פון אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען, פּאָגראָם־באַנדעס, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונגען, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט די שרעקליכע הונגער־קאַטאַסטראָפע, איז דער אַרבעטער־רינג דער ערשטער געקומען צו הילף צו באַשיצען די ערשטע פּראָלעטאַרישע רעפּובליק און די געווינסען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אַזוי אַז מיט זיין טעטיגקייט האָט ער זיך ערוואָרבען אַזאַ רעפּוטאַציע, אַז גאַנצע אינסטיטוציעס אין רוסלאַנד זיינען אָנגערופען געוואָרען מיט זיין נאָמען.

איצט איז געקומען די צייט ווען רוסלאַנד נייטיגט זיך שוין אין אַזאַ הילף, וואָס וועט איר געבען אַ מעגליכקייט אָנצוהייבען אַ נייַ לעבען, וואו הונגער וועט מער קיין אָרט ניט געפינען. און צו אונזער גרויסער פרייד האָט זיך איצט געעפענט אַ מעגליכקייט פאַר דעם אַ. ר. צו אַנטפּלעקען זיין גרויסע און רייכע נשמה. די מעגליכקייט באַשטייט אין דעם, וואָס אונזער אָנגעזעענסטע שוועסטער־אָרגאַניזאַציע — די אמאלגאמייטעד, וואָס גלויבט אויך אין די זעלבע אידעאַלען, וואָס דער אַ. ר., און האָט גענומען אַ גרויסען אַנטייל אין דער הילף־אַרבעט פאַר רוסלאַנד, האָט געגרינדעט די „ראָשיען־אַמעריקאַן אינדאָסטריעל קאָרפּאָריישאָן“ די קאָרפּאָריישאָן האָט געשלאָסען אַן אַגרימענט מיט די סאָוויעטען איבערצונעמען און באַטרייבען שניידער־פאַבריקען און טוך־וועבעריען אין רוסלאַנד אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. דאָס איז ניט נאָר דער ערשטער און פּראַקטישער שריט צו העלפען דעם רוסישען פאָלק, נאָר דאָס וועט איבערהויפּט ברענגען רעטונג דעם אידישען פאָלק. די רוסיש־אַמעריקאַנישע אינדוסטריעלע קאָרפּאָראַציע וועט עפענען שניידער־פאַבריקען אין די שטעט מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג, וואָס וועט ניט נאָר שאַפען אַרבעט פאַר די אַדבעטסלאָזע, נאָר וועט אויך אויסראָטען די שנאָרעריי, און וועט זיי געבען די מעגליכקייט ווידער זיך ערנערען דורך פּראָדוקטיווער אַרבעט.

כדי דורכצופירען דעם פּלאַן, דאַרף די קאָרפּאָריישאָן שאַפען אַ מיליאָן דאָלאַר פאָנד, וואָס וועט איר געבען אַ מעגליכקייט איבערצונעמען די ערשטע ניין פאַבריקען — צוויי אין מאָסקווע און זיבען אין פעטראָגראַד. דער מיליאָן דאָלאַר ווערט געשאַפען דורך שערס, וואָס ווערען פאַרקויפט צו צען דאָלאַר צו אַרבעטער־פריינד. דאָס געלט פאַר די שערס קאָן מען איינצאָלען מיט איין מאָל אָדער טיילענווייז.

די עקזיסטענץ און פינאַנציעלע שטאַנדהאַפטיגקייט פון דער „ראָשיען אַמעריקאַן אינדאָסטריעל קאָרפּאָריישאָן“ איז געזיכערט אונטער די געזעצען און טשאַרטערס פון פאַרשידענע סטייטס פון די פאַראייניגטע שטאַטען, און דורך אַן אַגרימענט, וואָס די קאָרפּאָריישאָן האָט געמאַכט מיט דער סאָוויעט־רעגירונג.

די אונטערנעמונג האָט אַרויסגערופען אַזאַ ענטוזיאַזם אין אַלע ריכטונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז דאָס האָט אָפּגעשטויסען אַן אַ זייט אַלע מיינונגס־פאַרשידענהייטען, האָט באַזייטיגט די שטרייטיגקייטען איבער פּאָליטישע טעאָריען, און אַלע האָבען זיך גענומען מיט איניגקייט צו פאַרווירקליכען דעם גרויסען פּלאַן.

אַ סך אָנגעזעענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך שוין אָנגעשלאָסען אָן דער קאָרפּאָראַציע, און פון די אַ. ר. רייען אין דער וועסט האָבען זיך שוין אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבעט די אַ. ר. ברענטשעס פון שיקאַגאָ, דורך דער סענטראַל קאָמיטע, און די פּיטסבורג ברענטשעס דורך זייער דיסטריקט קאָנפערענץ.

אויך ביי אונז אין ניו־יאָרק האָט זיך אָנגעפאַנגען די אַרבעט דורך דער איניציאַטיוו פון די ברוקלינער ברענטשעס, וועלכע האָבען גערופען אַ פאָר־קאָנפערענץ און צוגעצויגען די מיטאַרבעטערשאַפט פון 23 ברענטשעס אַלס איניציאַטאָרען פון דער אונטערנעמונג אין אַ. ר. און מיר הייבען אָן די אַרבעט אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב דורך קאָנפערענץ פון אַ. ר. ברענטשעס פון ניו־יאָרק און אומגעגענט, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 15־טען אָקטאָבער, 10 די זייגער אין דער פרי, אין קלינטאָן האָל, 151 קלינטאָן סטריט, ניו יאָרק. מיר לאַדען אייך איין צו ערוויילען צוויי פאָרטרעטער צו דער דאָזיגער קאָנפערענץ. עס איז אויך ראַטזאַם, אַז דורך אייערע דעלעגאַטען זאָלט איר שוין אויך לאָזען וויסען דער קאָנפערענץ וועגען דעם באַשלוס מיט וויפיל שערס אייער ברענטש טרעט אַריין אין דער אַרבעט.

די פירערשאַפט פון אונזער אָרדען, די נאַצ. עקזעקוטיווע, איז דורך אַ ספּעציעלער קאָמיטע איינגעלאַדען געוואָרען צו העלפען און אין דער אַרבעט, און מיר גלויבען אַז אונזער פירערשאַפט וועט געווין ניט אָפּשטיין פון אַזאַ וויכטיגער אַרבעט.

מיר האָפען אַז איר וועט אויפנעמען אונזער שריפט אין דעם זעלבען ערנסטען גייסט ווי ער איז געשריבען געוואָרען, און איר וועט אים שענקען די אויפמערקזאַמקייט וואָס ער פאַרדינט, ווייל מיר וויסען ניט פון קיין הייליגערער אַרבעט ווי צו פאַרזיכערען די געווינסען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, דורך העלפען אויפבויען דעם עקאָנאָמישען לעבען אין רוסלאַנד

מיט פריינדליכען גרוס,

אין נאָמען פון די פאַראייניגטע אַ. ר. ברענטשעס,
3, 4, 6, 11, 150, 177, 225, 271, 315, 824, 325, 344, 351, 368, 386, 440, 500, 545, 620, 638, 637 און 73

דייוויד אבראהאמס, טשערמאַן.
סאול ראָזען, סעקרעטער.

# באריכט פון דער ניו־יארקער דיסטריקט ארגאניזאציאנס קאמיטע

(פון דעם 1־טען אפריל, ביז דעם 1־טען סעפטעמבער, 1922)

## ברענטש־מיטינגען באזוכט אין פארלויף פון 5 מאנאטען

אין פארלויף פון די 5 מאנאטען האבען מיר באזוכט נאענט צו דריי הונדערט ברענטש־מיטינגען. פיל ברענטשעס האבען מיר באזוכט מערערע מאל. אזוי אייניגע ברענטשעס איז אונז געלונגען צו שליכטען סכסוכים צו דער צופרידענהייט פון אלע מיטגלידער. אין אנדערע ברענטשעס איז דער סכסוך געווען אזא, אז מיר האבען געמוזט נעמען א שטעלונג, ווי איך וועט זען אין ווייטערען באריכט. אין די מערסטע ברענטשעס האבען מיר געטאן די געוויינליכע ארגאניזאציאנס־ארבעט, ווי צ. ב. ש., גערעדט וועגען דעם קאמפיין פאר נייע מיטגלידער, וועגען רעליף, וועגען געציילג־קאמפיין, וועגען האספיטאל פאר רוסלאנד.

מיט גרויס באדויערען מעלדען מיר וועגען דעם פריציייטיגען טויט פון פר. ב. בעקער, א מיטגליד פון אונזער קאמיטע, וועלכער האט אנגעפאנגען צו פילען שלעכט אויף דער באן, צוריקפארענדיג פון דער קאנווענשאן אין טאראנטא, וואו ער איז געווען א דעלעגאט, און נאך א קורצער קראנקהייט איז ער געשטארבען, איבערלאזענדיג א פרוי מיט צוויי קליינע קינדער.

די פרוינדע לאנגער, זינדערמאן, פאדניק, סקלאר און בערמאן האבען רעזיגנירט פון דער קאמיטע, ווייל זיי זיינען ערוויילט געווארען אלס מיטגלידער אין דער נאצ. עקזעקוטיווע. מיר האבען געמאכט נאמינישאנס אויסצופילען זייערע פלעצער, און פאלגענדע האבען אנגענומען: בעצאלער פון בר 42, מילער פון בר. 149 און פלאקס פון בר. 8.

איינער פון די רעזיגנירטע איז געווען פר. לאנגער, וועלכער איז געווען סעקרעטער פון אונזער קאמיטע פאר א לענגערע צייט, און מיר האבען ערוויילט אלס סעקרעטער פר ל. בעצאלער פון בר. 42.

מיר האבען געקראגען אייניגע פארלאנגען פון ברענטשעס, אז מיר זאלען זיי שיקען דעלעגאטען צו באריכטען פון קאנווענשאן. דאס איז פאר אונז געווען א נייע ערשיינונג. מיר האבען די פראגע אויפגענומען ביי אונזער מיטינג און מיר האבען באשלאסען זייער פארלאנג צו באוויליגען. נאך מער: מיר האבען באשלאסען ארויסצוגעבען א נאטיץ אין „פארווערטס", אז אלע ברענטשעס, וועלכע ווילען האבען א באריכט פון קאנווענשאן, זאלען זיך מעלדען צו אונז, און מיר וועלען זיי שיקען א דעלעגאט פון קאנווענשאן. צו דערזעלבער צייט האבען מיר באשלאסען נישט צו זיין פאראנטווארטליך פאר אט די באריכטען. אונזער באשלוס האבען מיר מאטיווירט מיט פאלגענדעס: ביי א קליינער קאנווענשאן, ווען די דעלעגאטען קומען אהיים פון קאנווענשאן, זיינען זיי ניט קיין פארטרעטער פון באשטימטע ברענטשעס, און ווען א ברענטש וויל האבען א באריכט, צו וועלכען ער איז פאלשטענדיג בארעכטיגט, האט ער זיך נישט צו וועמען צו ווענדען. דארום זאל אונזער קאמיטע זיין די אגענטור דורך וועלכער די ברענטשעס זאלען האבען צו וועמען זיך צו ווענדען.

מיר האבען זיך גלייך געשטעלט אין פארבינדונג מיט די דעלעגאטען און האבענדיג בלויז איין נאטיץ אין „פארווערטס" האבען זיך צו אונז געווענדעט 30 ברענטשעס מיט אזעלכע פארלאנגען. דער גרעסטער טייל פון די ברענטשעס האבען קאך דעם באדאנקט אונזער קאמיטע. מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען אונזער דאנק צו די דעלעגאטען פון דער קאנווענשאן אין טאראנטא, וועלכע האבען ביי יעדער געלעגענהייט, ווען מיר האבען זיי געשיקט צו א ברענטש, געטאן זייער פליכט און געקומען.

די צוויי קאנצערטען, וואס זיינען פארגעקומען אין דער צייט, אויף וועלכער דער באריכט באציט זיך, איינער אין ברוקלין און איינער אין בראנזוויל, און וועלכע זיינען ארגאנזשירט געווארען פון אונז צוזאמען מיט דער סיטי עדיוקיישאנאל, זיינען געווען דער גרעסטער ערפאלג, פיל מער ווי ווער עס איז פון אונז האט זיך פארגעשטעלט.

אין פארלויף פון די 5 מאנאטען איז אונז אויסגעקומען צו געבען אינפארמאציע און צו פארהאנדלען מיט פאלגענדע „סאסייעטיס" וועגען אנשליסען זיך אן א. ר.: פאלאנער, פולטוסקער, בראנזוויל ליטערארי סאסייעטי, סקערנעוויטצער, הארלעמער יוגענט קלוב, בוקאווינער פרענדס, בוטשערס, ברעזינער קולטור קלוב, נאווי־גראדער יונג מענס, און זאטיטשער־בעסאראביער. מיר האבען די אלע ארגאניזאציעס באזוכט אזוי פיל מאל, וויפיל עס איז געווען נייטיג צו געבען אינפארמאציע, און ביז איצט זיינען פאלגענדע פון זיי אינסטאלירט געווארען אלס ברענטשעס:

די פולטוסקער אלס בר. 494, די הארלעמער יוגענט קלוב — אלס פרייהייט בר. 688. מיט די בוטשערס און ברעזינער האלטען מיר איצט אין דורכפירען די מעדיצינישע אונטערזוכונגען, און מיט די איבעריגע פירען מיר נאך איצט פארהאנדלונגען. פריער אדער שפעטער וועלען זיי זיך זיכער אנשליסען אן א. ר.

אין פארלויף פון די 5 מאנאטען האבען זיך די בר. 124 און 132 פאראייניגט. מיר זיינען געווען ביי זייערע מיטינגען, ווי אויך ביי דעם פאראייניגונגס־מיטינג, און מיר האפען, אז צוזאמען וועלען זיי טאן פיל גוטע ארבעט.

ביי אונזער מיטינג פון 20־טען יוני האבען מיר באשלאסען אויסצושליסען פר לאטקער פון אונזער קאמיטע צוליב פאלגענדע אורזאכען: לאטקער איז ערוויילט געווארען אין דער אקציאנס־קאמיטע פון דער פראטעסט־קאנווענשאן, וועלכע איז אן פאר זיך געווען אן אומגעזעצליכע. די ארבעט פון דער אקציאנס־קאמיטע באשטייט אין דורכפירען די באשלוסען פון דער פראטעסט־קאנווענשאן, וואס זיינען ניט אין איינקלאנג מיט דער ארבעט פון דער נאצ. עקזעקוטיווע און מיט די פירונגען אין א. ר. די סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע איז א סאב־קאמיטע פון דער נאצ. עקזעק. קאמ., וואס דארף דורכפירען די באשלוסען און דירעקטיווען פון דער קאנווענשאן און פון דער נאצ. עקזעק. קאמ., פאלגליך קאן מען נישט זיין א מיטגליד אין דער אקציאנס קאמיטע און אין דערזעלבער צייט א מיטגליד אין דער סיטי ארגאניזאציאנס קאמיטע.

די נאצ. ארגאנ. קאמ. צוזאמען מיט דער נאצ. עקזעק. קאמ. האבען ארויסגעשטעלט א סלאגאן: „100 טויזענט מיטגלידער צו דער נעקסטער קאנווענשאן". זיי האבען אויך זיך אונטערגענומען צו ארבעטען פאר'ן רעליף, סיי פאר רוסלאנד און סיי פאר'ן אידישען רעליף אין אנדערע לענדער, אויך פאר דעם א. ר. האספיטאל אין רוסלאנד. מיר פון אונזער זייט האבען געטאן אונזער טייל ארבעט אויף אזוי פיל ווי די אומשטענדען האבען עס דערלויבט. נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז די צייט פון יאר איז די אומגינסטיגסטע צו טאן ארגאניזאציאנס־ארבעט און די שוועריגקייטען וואס מיר האבען באגעגנט אויף שריט און טריט, גלויבען מיר, אז די רעזולטאטען זיינען גאנץ צופרידענשטעלענדע, ווי איר קאנט עס זען פון פאלגענדע ציפערען:

נייע מיטגלידער אריינגעקומען אין ניו־יארקער ברענטשעס פונ'ם 1־טען יולי 1921 ביז'ן 1־טען יולי 1922 — 3,753.

פאר'ן רוסישען רעליף־פאנד — $20,003.36.

פאר דעם האספיטאל אין רוסלאנד — $1,669.65.

פאר דער „האיאס" — $2,221.00.

פאר די מיינערס און וועבער סטרייקער — $829.70.

צוזאמען פאר אלע רעליף־פאנדס האבען די ניו־יארקער ברענטשעס בייגעשטייערט $24,723.17.

אין אלגעמיין, ווען עס קומט צו רעפארטען וועגען ציפערען, מוזען מיר געבען א יערליכען רעפארט, אבער דער 88־טער קווארטאל, וואס שליסט זיך איין אין אונזער באריכט, איז נאך נישט געענדיגט, פאלגליך קאנען מיר פאר דעם קווארטאל נישט באריכטען. אלענפאלס קענען די מיטגלידער האבען א קענטיגען באגריף פון אונזער טעטיגקייט פון דעם באריכט. מיר האבען בייגעשטייערט אונזער טייל ארבעט, מיט וועקען די ברענטשעס, אגיטירען זיי, און אויך פארשידענע אנדערע אופנים.

די אויסגאבען פון דער ניו־יארק דיסטריקט ארג קאמיטע זיינען פאר דעם יאר געווען: $1,399.73.

מיט אזא רעקארד, ערלויבען מיר זיך צו גלויבען, מעגען מיר, צוזאמען מיט די ניו־יארקער ברענטשעס, שטאלצירען. ספעציעל ווען מען נעמט אין אכט דאס שלעכטע יאר וואס ס'איז געווען, בפרט אין די אידישע טריידס, די פיל סטרייקס, אום די אידישע ארבעטער האבען דורכגעמאכט אין דער צייט, און די גרויסע ארבעטסלאזיגקייט, וואס האט נאך איצט אויך ניט אויפגעהערט.

## אונזער באציאונג מיט דער נאצ. ארגאנ. קאמיטע

עס זיינען געווען צייטען, ווען די באציאונגען פון דער סיטי ארג. קאמיטע מיט דער נאצ. ארג. קאמיטע זיינען געווען אנגעשטרענגטע. צו אונזער גרויסער פרייד קענען מיר אייך באריכטען, אז אונזערע באציאונגען, סיי מיט דער נאצ. ארג. קאמ., מיט וועלכער מיר קומען אין טאג־טעגליכער באריהרונג און סיי מיט דער נאצ. עקזעק. קאמיטע, סיי מיט אונזער דזשענעראל סעקרעטער פר. באסקין און מיט אונזער עקזעק. סעקרעטער פר. גליבטער, זיינען געווען די פריינדליכסטע, און מיר ווילען ביי דער געלעגענהייט אלעמען אויסדריקען אונזער הערצליכסטען דאנק פאר זייער אנערקענונג און מיטהילף, וואס זיי האבען אונז אלעמאל געגעבען.

## דער צושטאנד אין די ברענטשעס אין דעם איצטיגען מאמענט

כמעט פאר דער גאנצער צייט, אויף וועלכער דער באריכט באציט זיך, גייט אן אין א. ר. די באוועגונג פון די לינקע. עס איז אמת, אז אן אפאזיציע אין אן ארגאניזאציע ברענגט אריין לעבען אין דער ארגאניזאציע. עס איז אויך אמת, אז די באוועגונג פון די לינקע האט אריינגעבראכט לעבען אין א גרויסען טייל פון אונזערע ברענטשעס: פראגען זיינען דיסקוטירט געווארען ביי פיל ברענטשעס ביז 2 און 3 א זייגער פארטאג און אויף א גאנץ אנשטענדיגען און פרינציפיעלען וועג. פונדעסטוועגען האט עס אבער אויף אייניגע ברענטשעס געהאט א דעמאראליזירענדע ווירקונג. אמת, די צאל פון די ברענטשעס איז א גאנץ קליינע, אבער אפילו די קליינע צאל האט אונז פארשאפט אזוי פיל „טראבעל", אז עס האט אונז געשטערט אין אונזער געוויינליכער ארבעט. מיר זיינען געווען געצוואונגען צו

נעמען אַ באַשטימטע שטעלונג. מיר מוזען אָבער דאָ זאָגען, אַז בכלל אַרט אונז גאַנץ ווייניג ווען אַ ברענטש איז אַ לינקער, אַזוי לאַנג ווי זיי פירען זייערע אַ. ר. געשעפטען ווי עס דאַרף צו זיין. ווען אָבער אַ מינאָריטעט אין ברענטש פּרואווט צו טעראָריזירען די מאַיאָריטעט און שטערט דעם ברענטש אָנצוגיין מיט דער אַרבעט, אָדער ווען אַ קאָמיטע פון אַזאַ ברענטש קומט צו אונז און בעט אונזער הילף, דעמאָלט איז עס אונזער פליכט צו ברענגען אָרדענונג אין אַזאַ ברענטש.

מיר ווילען אייך געבען אַ קליין בילד פון אַזאַ ברענטש, כדי איר זאָלט קענען אורטיילען, צי האָבען מיר ריכטיג געהאַנדעלט. עס קומט צו אונז אַ קאָמיטע, דערציילט אונז וועגען די סכסוכים, וואָס קומען פאָר ביי זייערע מיטינגען און מיר שיקען אַהין אַ קאָמיטע. אונזער קאָמיטע באַריכטעט, אַז 10 מיטגלידער צוזאַמען פּרואווען זיך צו נעמען דאָס וואָרט. עס ווערט געברויכט אַ שפּראַך, פון וועלכער אַ קאַזאַקען רויט ווערען פאַר שאַנדע. ספּעציעל האָט זיך אין דעם אויסגעצייכענט איין מיטגליד. אונזער פאַרטרעטער געפינט אויס, אַז אַט דער מיטגליד האָט נאָך אַפילו נישט זיין „מעמבערשיפּ סערטיפיקייט". ער דעקאָמענדירט, אַז דער מיטגליד איז נשט פּאַסיג צו זיין אין אַ. ר. און די עקזעקוטיוו זאָל אים צוריקווייזען. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם ברענטש, זאָלען מיר רופען אַ ספּעציעלען מיטינג און ערקלערען די מיטגלידער, אַז זיי קענען זיך זיין לינק, אָבער אַז זיי מוזען זיך אַנשטענדיג אויפפירען ביי די מיטינגען. ווען אונזער פאַרטרעטער קומט צו זייער נעקסטען מיטינג, איידער דער מיטינג האָט זיך געעפענט, באַפאַלט אים אַ מיטגליד מיט די שענדליכסטע ווערטער, באַליידיגט אים און כאַפּט זיך שלאָגען. ווען דער מיטינג האָט זיך געעפענט, דערציילט אונזער פאַרטרעטער דעם טשערמאַן פון דער פּאַסירונג. דער טשערמאַן ענטפערט: מיר זיינען ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר זאַכען, וואָס פּאַסירען פאַר'ן מיטינג, אָדער נאָכ'ן מיטינג. וואָס עס זאָל נישט פּאַסירען מיט אייך נאָך דעם מיטינג אויף די טרעפּ זיינען מיר נישט פאַראַנטוואָרטליך. נו, פריינד מיטגלידער פון אַ. ר., פון דעם איינציגען פאַקט קענט איר זען וואָס פאַר אַ העמאָראַליזירענדע ווירקונג די לינקע באַוועגונג האָט געהאַט אויף איינגע ברענטשעס. מיר ווילען נאָכאַמאָל באַטאָנען, אַז דאָ איז נישט קיין פראַגע פון לינקס אָדער רעכטס, מיר זיינען געווען פאַרטראָטען ביי לינקע ברענטשעס און זיי האָבען אַרויסגעצייגט דעם גרעסטען רעספּעקט צו אונז און מיר צו זיי. דאָ איז בלויז אַ פראַגע פון אַנשטענדיגקייט.

מיר האָבען באַשלאָסען צוויי מיטגלידער פון יענעם ברענטש צו מאַכען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש, און אויב דאָס וועט נישט העלפען, וועלען מיר מוזען גיין נאָך ווייטער

מיר האָבען געהאַט נאָך איינינע אַזעלכע ברענטשעס. מיר האָבען גערופען ספּעציעלע מיטינגען, אויף וועלכע די נאַציאָנאַלע אָרגאַניז. קאָמיטע איז אויך געווען פאַרטראָטען און זיי האָבען איינגעזען אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ פעלער און האָבען צוגעזאָגט אין דער צוקונפט צו פירען זיך ווי עס פּאַסט פאַר אַ ברענטש פון אַ. ר.

צום שלוס ווילען מיר באַדאַנקען די גרויסע צאָל ברענטשעס, וואָס האָבען אונז געשאָנקען זייער אויפמערקזאַמקייט און האָבען אונז געהאָלפען אין אונזער אַרבעט

סומירענדיג דעם סך־הכל פון אונזער אַרבעט, קענען מיר מיט אַ רוהיגען געוויסען זאָגען, אַז די אַרבעט פאַר די 5 מאָנאַטען איז פון יעדען פון אונז געטאָן געוואָרען געטריי און ערנסט פאַר די אינטערעסען פון אַ. ר. זי איז אויך געווען אונטער די אומשטענדען אַן ערפאָלגרייכע. מיר ווילען האָפען, אַז די קומענדיגע קאָנפערענץ וועט ערוויילען די פּאַסענדסטע פערזאָנען פאַר דער וויכטיגער אַרבעט, און מיט נייע קרעפטען און ענערגיע וועט די אַרבעט פאַר דעם נעקסטען יאָר פאַרגרעסערט ווערען צום וואויל און בעסטען פון אונזער אַלעמענס אַרבעטער־רינג.

ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אַרב. רינג.

## ברענטשעס, זייט פאָרזיכטיג!

אומגעפער מיט 6 מאָנאַטען צוריק האָט זיך באַוויזען ביי אונז אין שטאָט פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן, אַ מאַן, וואָס האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס מר. פראַנק, אַ פאַרבער ביי טרייד, און אַז ער קומט פון דענווער סאַניטאַריום, איז אַ מיטגליד פון אַ ניו־יאָרקער ברענטש און „געבראָכען".

אַלס סעק. פון פּאָרטלאַנדער בר. 263, האָב איך אים אַריינגענומען צו זיך אין הויז, האָב אים געגעבען עסען צוויי וואָכען צייט, אים געהאָלפען מיט $10.00 קעש. איך האָב אים באַקאַנט מיט יעדען איינעם פון אונזערע מיטגלידער. ביז ס'איז געלונגען צו פאַרכאַפּען ביי יעדען אַ גמילות־חסד: ביי איינעם $10, ביים צווייטען $15 — און אין אַ שיינעם פרימאָרגען איז ער נעלם געוואָרען. מיר רעכענען, אַז ער האָט פאַרכאַפּט אַן ערך פון $200 ביז $300.

מיט אַ פּאָר מאָנאַטען שפּעטער האָב איך געקראָגען אַ בריף פון דעם עקזעקוטיוו סעק. פון לאָס־אַנדזשעלעסער סאַנאַטאָריום, ב. קאָהן, אַז אַ פּאָרטלאַנדער מיט דעם נאָמען פראַנק איז געווען ביי אים אין אָפיס און האָט אים אָפּגעגעבען אַ גרוס פון אונזער ברענטש, און אַזוי ווי פר. ב. קאָהן איז ניט לאַנג געווען אויף אַ טור אויף דעם פּאַסיפישען ברעג, האָט ער אונזער שטאָט אויך באַזוכט. זעלבסטפאַרשטענדליך, האָט ב. קאָהן אים געגעבען אַ שיינעם קבלת פנים. אין דער זעלבער צייט האָט ער אים געקעשט אַ טשעק אויף $30, וואָס איז געווען ווערטלאָז.

מיט אַ מאָנאַט שפּעטער האָב איך געקראָגען אַ בריף פון סאַן אַנטאָניאָ, טעקסאַס, פון בר. 197, אַז ער האָט ביי זיי אין שטאָט געהאַנדעלט אויף דעם זעלבען אופן, נעמליך: ער האָט זיך אַדווערטייזט אַלס מיטגליד פון אַ. ר. און אַלס מיינעם אַ לאַנדסמאַן, ביז ס'איז אים געלונגען צו פאַרכאַפּען פיל געלט און איז אַנטלאָפען

פריינדע: ווער ס'ווייסט פון אים אָדער האָבען געהערט פון אַזאַ מאַן זאָלען לאָזען וויסען אויף דעם פאָלגענדען אַדרעס: דזש. סטער 404 סעקאָנד סטריט, פּאָרטלאַנד, אָרע. זיין אויסזען: אַ הויכער טונקעלער מאַן, טראָגט גלעזער מיט שוואַרצע ראַמען, מאַכט אויף איין אַ שיינעם איינדרוק, גיט זיך אויס פאַר אַ סינגעל־מאַן, זוכט כלו תתונה צו האָבען, געוויינליך מיט געלט.

י. שטערן, סעק. בר. 263, פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן.

## אַ בריף אין רעדאַקציע:

אין לעצטען נומער „פריינד" איז אָפּגעדרוקט אַ פּראָטעסט פון בר. 708 געגען דער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע. אין דעם דאָזיגען פּראָטעסט זאָגט זיך, אַז דער ברענטש האָט דורך דער דיסטריקט קאָמיטע אַראַנזשירט אַ לעקציע מיט מיר; אַז דער סעקרעטער פון ד. ק. האָט מיר ניט געלאָזט וויסען; און דעריבער בין איך ניט געקומען. באָטש דער ברענטש האָט גענומען אַ האָל און געדרוקט טיקעטס.

איך וויל דאָ פאַרריכטען אַ טעות: די ד. ק. האָט מיר יאָ געלאָזט וויסען, נאָר ס'איז געווען אַ מיספאַרשטענדניש וועגען דעם טאָג ווען די לעקציע האָט געדאַרפט זיין. איך האָב דאָס געשריבען צום ברענטש און דער סעקרעטער האָט דאָס געמעגט דערמאָנען אין'ם פּראָטעסט פונ'ם ברענטש. — אגב אורחא האָט דער סעקרעטער אויך געמעגט דערמאָנען, אַז איך האָב די לעקציע געגעבען אַ פּאָר וואָכען שפּעטער און אַז דורך דעם איז דער גאַנצער פעלער ווייניגסטענס טיילווייז פאַרריכט געוואָרען.

אייער
ה. ווינדערסאָן.

## אַן איינלאַדונג קיין טאַקאָמאַ

אונזער בר. 578 אַ. ר. האָט אויף דעם מיטינג פון 5־טען יולי אויסגעקליבען נייע באַאַמטע. עס זיינען ערוויילט געוואָרען פר. אַ. פּאָליסקי, טשערמאַן; מרס. פאַרבער, פינאַנץ־סעקר.; ס. עפּשטיין, רעק. סעקר. און ב. זלאַטניק, טרעזשורער. אין דער באָרד פון קאַנדירעקטאָרען: — ס. קליימאַן און אַ. פּלאַטקין. אַלס האָספּיטלער — מ. ראַפּאַלאָוויטש.

אין דער עקזעקוטיווע זיינען ערוויילט געוואָרען די פריינט: פּלאַטקין, קליימאַן, זיינפעלד, פרידמאַן, ראַפּאַלאָוויטש, שיין און קאַן.

אַלע ניי־דערוויילטע באַאַמטע האָבען צוגעזאָגט צו געבען זייער גאַנצע פרייע צייט פאַר דער אַרבעט פון ברענטש. מיר זעען טאַקע, ווי זיי האָבען גלייך זיך גענומען צו דער אַרבעט. דורך אַ בעסקעט־באַרטי, וואָס מיר אַראַנזשירט, האָבען מיר געמאַכט איבער $55 פאַר די הונגעריגע אין רוסלאַנד. דאָס געלט איז אַוועקגעשיקט געוואָרען אין גענעראַל־אָפיס.

מיר אַראַנזשירען אויך אַ פּיקניק דעם 4־טען סעפּטעמבער, צו וועלכער מיר לאַדען איין אַלע ברענטשעס און מיטגלידער פון אַ. ר. די וואָס וועלען קומען פון דער איסט וועלען אַריינגעלאָזט ווערען פריי.

ס. עפּשטיין, סעקר., בר. 578, טאַקאָמאַ.

פון דער רעדאַקציע: מיר וואָלטען אַליין גערן אָנגענומען די איינלאַדונג. איבערהויפּט וואָלטען מיר זיך ווילען באַנוצען מיט דעם פרייען איינטריט אויפ'ן פּיקניק, אָבער $130 הוצאות אויף איין וועג נאָר איז אַ ביסעלע צופיל, אַפילו פאַר מיטגלידער פון דער רעדאַקציע.

## רעזאָלוציע פון בר. 286 אַ. ר.

ביי אַ ספּעציעלען מיטינג פון בר. 286 אַ. ר., בריסקער, גערופען פאַר'ן צוועק אויסצוהערען אונזערע דעלעגאַטען צו דער זאָגענאַנטער פּראָטעסט־קאָנווענשאָן פון עטליכע אינטריגאַנטען, אַריינצוברענגען אין אונזער אַלעמענס באַליבטען אַ. ר. די זעלבע כאַאָטישע שטימונג, אַזוי ווי עס איז זיי געלונגען מיט אַ צייט צוריק אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויסהערענדיג זייערע רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי זייער פּראָטעסט־קאָנווענשאָן, באַשליסט בר. 286 אַ. ר. מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט, פרייטאָג דעם 4־טען אויגוסט, צוריקצואווייזען די האַנדלונג פון אונזערע דעלעגאַטען און אַלע זייערע האַנדלונגען ביי יענער קאָנווענשאָן. מיר שליסען זיך אָן אין די אַלע ברענטשעס, וואָס בלייבען לאָיאַל צו אונזער אָרדען, און היסען גוט די האַנדלונגען פון די דעלעגאַטען צו דער טאָראָנטאָער קאָנווענשאָן. מיר ערקלערען, אַז די פירער פון אונזער אָרדען האַנדלען אין אַלע פראַגען בנוגע דעם אַ. ר. לויט אונזערע אידעאַלען און טראַדיציעס. מיר רופען אַלע אונזערע פריינד צו פאַראייניגען זיך אונטער דער פאָן פון אונזער באַליבטען אָרדען און האַלטען אים גאַנץ און נישט דערלויבען די קריינקליכע ברואים צו טאָן־מיט'ן אַ. ר. אַזוי ווי זיי האָבען געטאָן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט 3 יאָר צוריק. זאָל דער אַ. ר. ווייטער בלייבען דער עמוד האש פון אונזער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע.

דזש. שיינקער, ל. וואַבניק, רעזאָלוציאָנס קאָמיטע.




# אינהאלט.



**THE FRIEND**
Official Organ of the Workmen's Circle
OCTOBER, 1922

**דער פריינד**
אפיציעלער ארגאן פון ארבעטער־רינג
אקטאבער, 1922

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

Published Monthly

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary
M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
331 Pennington Ave., Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts.
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

THE FRIEND  דער פריינד

VOL. XIII. OCTOBER, 1922 No. 1

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**דער אַרבייטער רינג און די פּיפּעלס־רעליף קאָנווענשאָן**

דער אַרבייטער רינג איז געווען די ערשטע פון די אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט זיך אָפּגערופען אויף דעם הילפס־געשריי, וואָס איז געקומען פון יענער זייט ים פון אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער. די אַ. ר. מיטגלידער האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין דער רעליף־אַרבייט מיט זייער גאַנצען ענטוזיאַזם און זייער טעטיגקייט האָבען זיי אָנגעהאַלטען ביז היינטיגען טאָג. דעריבער איז ניט נייטיג צו ערקלערען פאַר דער וועלט און איבעריגען מאָל, אַז די אינטערעסען פון די ליידענדע מאַסען אין אייראָפּע זיינען דעם אַ. ר. טייער, ווייל די פאַקטען אַליין האָבען דאָס באַשטעטיגט שוין פון פיל יאָרען. דער אַ. ר. איז געווען איינע פון די ערשטע, וואָס האָבען געהאָלפען בויען די פּיפּעלס רעליף, ווייל אום צו טאָן ווירקליכע אַרבייט, מוז מען האָבען אַ ספּעציעלע קערפּערשאַפט, וועלכע זאָל זיך מיט אָט דער אַרבייט אָפּגעבען. אָט די ספּעציעלע קערפּערשאַפט איז געווען די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבייטערשאַפט פון אַמעריקע. ווען עס איז איצט אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע וועגען דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע, זיינען די זעלבע פאַרטרעטער פון דער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע: דער אַ. ר., די אינטערנעשאָנאַל, די אַמאַלגאַמייטעד, די געווערקשאַפטען, די קעפּ מייקערס, די פאָריערס יוניאָן און אַנדערע, געקומען צו דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע און ערקלערט איינשטימיג, אַז די פּיפּעלס רעליף דאַרף ווייטער עקזיסטירען, אום די אַרבייט פון רעליף זאָל אָנגעפירט ווערען מיט ערפאָלג. און עס איז לעכערליך און עקעלהאַפט צו הערען ווי די זאָגענאַנטע „רעוואָלוציאָנערען", וועלכע רעדען אימער אין נאָמען פון פּראָלעטאַריאַט, און אין דער אמת פאַרטרעטען זיי נאָר זיך אַליין, שרייען, אַז די קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע איז געווען אַן אַרבייטספיינדליכע, אַז זי האָט באַשלאָסען „נאָכצושלעפּען" זיך נאָך דעם דזשאָינט, „שטיין אויף די קני" און אַזוי ווייטער. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען צו שטיין מיט דער דזשאָינט, ווייל די אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע ווייסט גוט די לאַגע און באַגרייפט, אַז ווען עס איז דאָ אַ קערפּערשאַפט, וואָס פאַרמאָגט צענדליגע מיליאָנען דאָלער, באַשטימט פאַר רעליף־צוועקען, מוז די אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט דורך אַלע קאַנאַלען און וועגען אויסאיבען אַן איינפלוס אויף דער צעטיילונג פון די געלדער און זען, אַז די אַרבייטער־מאַסען זאָלען ניט געקריוודעט ווערען, אַז די אַרבייטער־אינסטיטוציעס זאָלען ניט פאַרזען ווערען.

דאָס איז דער הויפּט־ציל און געדאַנק פון דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע צו בלייבען מיט דער דזשאָינט און דורך דעם האָבען אָט דעם געווינשטען איינפלוס. געווינען קענען דורך דעם פּלאַן די אַרבייטער־מאַסען זייער פיל, און פאַרלירען גאָרניט. פאַר קומען אין באַרירונג מיט די אידען אין דער דזשאָינט, איז גאָר ניטאָ וואָס אַזוי מורא צו האָבען, ווייל מיר ווייסען פון גאַנץ געטריע קוועלען, אַז זאָגאַר די פאַרטרעטער פון „אידגעזקאָם" האָבען אויך ניט פאַרלאָרען זייער געשטאַלט, ווען זיי האָבען געפּרואווט צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט דער דזשאָינט און קומען צו זיי פירען פאַרהאַנדלונגען וועגען הילף פאַר רוסלאַנד.

איבערהויפּט האָט דער לינקער גאָט יאַנוס קיינמאָל ניט אַרויסגעצייגט אַזוי בולט זיין צוויי־פּנים'דיגקייט, ווי אין דער פראַגע פון רעליף. די אָפיציעלע סאָוויעט־רעגירונג פון רוסלאַנד שיקט דאַנקס־טעלעגראַמען צו די פאַרטרעטער פון אַמעריקען רעליף פאַר דער גלענצענדער אַרבייט, וואָס זיי האָבען געטאָן אין רוסלאַנד, און דאָ ערלויבט מען די אייגענע מענשען צו העצען און צו שמוצען די אַלע, וועלכע האָבען צו זאָגען אַ גוט וואָרט פאַר דער הואווער אַדמיניסטראַציע. מען האַלט אין איין אַטאַקירען און באַשמוצען די דזשאָינט אָפיציעל פאַר די אייגענע מענשען און, פון דעם אַנדערען זייט, שפּאַרט מען זיך דורך הינטערשטע טירען אַריינצושטעלען אַ פוס אין דעם דזשאָינט. אָט דאָס איז וואָס מען רופט אָן הויך־פּאָליטיק. די אַרבייטער־מאַסען ווילען אָט די העסליכע פּאָליטיק ניט פירען. די אידישע אַרבייטער אין אַמעריקע זיינען פאַראינטערעסירט אין איין זאַך — צו העלפען די אַרבייטענדע מאַסען אין רוסלאַנד און איבעראַל, און זיי ווייסען, אַז שטייענדיג מיט דער דזשאָינט, וועלען זיי אַ סך מיטהעלפען אָט די אַרבייט. די רוסישע „אידגעזקאָם" האָט חלילה ניט פאַרלאָרען אין כשר'קייט, ווען זי האָט געקראָגען פון דער דזשאָינט דורך דר. באָגין אַ סומע פון $50,000 פאַר רעליף־אַרבייט, און זיכער האָט די רוסישע רעגירונג געשפּאָרט צענדליגע מיליאָנען דאָלער דורך דער הילף פון דר. ראָזין, געשיקט פון דער דזשאָינט צו העלפען לייזען זייער געוויסע שווערע אַגריקולטורעלע פּראָבלעמען. די דזשאָינט האָט באַשטימט אַ מיליאָן און אַ האַלב דאָלער פאַר די קאָלאָניסטען אין רוסלאַנד און $200,000 פאַר קולטורעלער אַרבייט פאַר רוסלאַנד. נאָך מער, די דזשאָינט איז איצט אָפיציעל אַריין אין אַן אָפּמאַך מיט דער רוסישער רעגירונג וועגען זעלבסטשטענדיגער טעטיגקייט אויף דעם רעליף־געביט.

הייסט דאָס, אַז די דזשאָינט איז גאָרניט אַזוי טריף, אַז זי קען טאָן און טוט גוטע אַרבייט. טאַקע דער שטאַנדפּונקט פון דער קאָנווענשאָן פון דער פּיפּעלס רעליף, דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פון דער גאַנצער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַמעריקע, און אָט וואָרום די דעלעגאַציע פון אַ. ר. אַלס אַ גאַנצע האָט געשטימט פאַר פאַרבלייבען מיט דער דזשאָינט און זען אויסאיבען אין דער דזשאָינט דעם נייטיגען איינפלוס אין די אינטערעסען פון די אַרבייטענדע מאַסען אין אייראָפּא.

דער אַרבייטער רינג איז געבליבען מיט דער פּיפּעלס רעליף, ווייל זי איז דער איינציגער קאָנצענטרירונגס־פּונקט פון אַלע אידישע גרעסטע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס פאַר רעליף־אַרבייט אין אַמעריקע. און אַלע די, וועלכע פּרואווען צו גרינדען קליידלאַך פאַר זיך און עפענען אייגענע קרעמלאַך, העלפען נאָר צו דיזאָרגאַניזירען די רעליף־אַרבייט דאָ אין אַמעריקע צווישען די אידישע מאַסען.

**דער הײַ־יאָריגער פּאָליטישער קאַמפּיין**

עס דונערען ווידער די קאַנאָנען
אין דעם נאָענטען מזרח. מענשליך
בלוט גיסט זיך ווידער ווי טייכען
וואסער. מען רייסט זיך איינע די אנדערע די העלזער. עס
פלאַקערט אַ ביטערע מלחמה צווישען די גרעקען און די טערקען
און מיר שטייען פּיליכט ביי דעם שוועל פון אַ נייעם וועלט־
פייער, וואָס קען זיך אָנצינדען יעדע מינוט. די מלחמה, וואָס
איז געפירט געוואָרען צו ענדיגען מלחמות, האָט געבראַכט נייע
מלחמות. די וועלט איז צערואינירט, חורבות איבעראַל. די רע־
אַקציע האָט אויפגעהויבען איר שוואַרצען קאָפּ און בושעוועט
אָן ברחמנות'דיג. די פאַשיסטען אין איטאַליע, די שוואַרצע
כחות אין פראַנקרייך, די קו קלאָקס קלאַן אין אַמעריקע און די
רויבער־באַנדעס פון דער וועלט טוען זייער אַרבייט חוצפּה'דיג,
אומגעשטערט פון קיינעם. מ'באַרויבט די מאַסען אין מיטען
העלען טאָג און קיינער עפענט ניט אַ מויל.
דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס האָט דורכגעפירט אַ שענד־
ליכען טאַריף, וואָס קען ניט אַנדערש באַטראַכט ווערען, ווי אַן
אָנפאַל פון רויבער, אַ לעגאַלער געצייג אין די הענט פון די הער־
שענדע קלאַסען צו באַראַבעווען דאָס גאַנצע פאָלק.
די רעפּובליקאַנישע אַדמיניסטראַציע האָט מיט איר טיראַ־
נישען אינדזשאַנקשאָן געבראָכען דעם סטרייק פון די אייזענבאַן־
אַרבייטער און פאַרשטאַרקט די עקספּלואַטאַטאָרישע אַפּעטיטען
פון די גרויסע פינאַנסיסטען און מאַגנאַטען. זי האָט געטאָן
אַלץ, וואָס זי האָט געקענט טאָן אויך צוצוברעכען דעם מיינער־
סטרייק און עס איז געווים צו פאַרדאַנקען דעם מוט און אויסגע־
האַלטענקייט פון די קעמפּער, וואָס עס איז ניט געלונגען.
און וואו זיינען די אַרבייטער־עלעמענטען? וואָס טוען די
ברייטע אַרבייטער־מאַסען? זיי זיינען מאַכטלאָז; זיי זיינען
ניט באַוואוסטזיניג; זיי זיינען פּאָליטיש ניט אָרגאַניזירט, צע־
שפּליטערט; זיי האַלטען זיך נאָך אָן די אַלט־פרענקישע גאָמ־
פּערסיסטישע מעטאָדען פון האַלטען זיך אָן די עקען פון דעם
דעמאָקראַטישען אייזעל און פון דעם רעפּובליקאַנישען העל־
פאַנט. דאָס איז די לאַגע, אין וועלכער די אַרבייטער־באַוועגונג
געפינט זיך היינט צו טאָג. עס איז די פליכט פון יעדען רעכט־
דענקענדען מענשען צו העלפען צו מאַכען אַן ענד צו אָט דער
לאַגע. עס איז די פליכט פון יעדען טרייען און איבערגעגעבע־
נעם אַ. ר. מיטגליד אָפּצוגעבען זיין צייט און זיין מיה און ווערען
מעטיג אין די קומענדיגע וואַלען, גיין אין די פּאָליטישע טרענ־
טשעס און קעמפען פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטענדע
מאַסען. צו וועלכער ריכטונג פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג ער
זאָל ניט באַלאַנגען, דאַרף ער אָבער טאָן זיין פליכט אַלס בירגער,
אַלס אַרבייטער, און אַלס סאָציאַליסט. „די באַפרייאונג פון די
אַרבייטער איז די זאַך פון די אַרבייטער אַליין". אָט דאָס שלאַג־
וואָרט איז אַן אמת פאַר אַ ל ע ראַדיקאַלע אַרבייטער־ריכטונגען.
זאָל קיין איין באַלאָט פון אַן אַ. ר. מיטגליד ניט אַראָפּפאַלען זיך
אין שטים־קאַסטען פאַר די פּאַרטייען, וואָס ווילען אָנהאַלטען
די איצטיגע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג!

* * *

**אונזערע אַ. ר. קאַמפּיינס**

אָבער אַפילו אין דער צייט, ווען אונ־
זער פּאָליטישע אויפמערקזאַמקייט דאַרף
זיין געווענדט אין דעם קומענדיגען מאָ־
נאַט דורכצופירען אַ זעלבסטשטענדיגע פּאָליטישע אַרבייטער־
אַקציע ביי דעם שטים־קאַסטען, דאַרפען מיר אויך ניט אין דער
זעלבער צייט פאַרגעסען זיך אָן אונזערע אייגענע אַקטיוויטעטען.
גראָד די אויפגעהויבענע שטימונג, דער אינטערעס צו כלל־
זאַכען און די קאָכיגע אַטמאָספערע, זיינען מסוגל, אַז אונזערע
אונטערנעמונגען אין דעם מיטגלידערשאַפט קאַמפּיין, אין די
פאַרשידענע רעליף־אַקציעס פאַר דער „האַיאַס", פאַר'ן האָס־
פּיטאַל אין סאָוויעט־רוסלאַנד, און אַלגעמיינער אידישער רע־
ליף זאָלען האָבען ערפאָלג.
איבערהויפּט ווילען מיר ציען די אויפמערקזאַמקייט פון
אונזערע מיטגלידער און ברענטשעס אויף דער אומאויפהערלי־
כער שטרייך־מגפה אין אונזערע רייען. פיל ברענטשעס באַציען
זיך צו גלייכגילטיג צו דער ערשיינונג. מ'לאָזט עס גיין
מ'דאגה'ט זיך ניט. אין אָפטע פאַלען וואַרט מען ניט צו
פריינד, וואָס געפינט זיך אָן אַרבייט, און מ'כאַפּט שטרייכע
אים, אין דער צייט וואָס אַנדערע ברענטשעס כאַפּען שוין איבע
די מאָס אויף דער צווייטער זייט און פאַרלאָזען ניט באַצאָלטע
בילס פאַר עטליכע קוואַרטאַלען, עס קלייבט זיך אָן אַ גרויס
סומע, וואָס ווערט שוין שווערליך פאַר דעם מיטגליד צו באַ
צאָלען, און דער רעזולטאַט איז, אַז ער לאָזט זיך שטרייכען.
עס איז נייטיג, אַז די ברענטשעס זאָלען האָבען אַ גענוי
מאָס און וואָג און האַנדלען פאָרזיכטיג אין יעדען פאַל. עס אי
נייטיג צו האָבען אַן ענערגישע קאָמיטע אין יעדען איינציגע
ברענטש, צו באַזוכען דעם הינטערשטעליגען מיטגליד, רייד
מיט אים און דערוויזען אים, אַז עס איז אַ פאַרברעכען געגנ
זיך אַליין און געגען זיין פאַמיליע. איבערהויפּט פילט זיך
מיטגליד גאַנץ אַנדערש, ווען ער זעט, אַז דער ברענטש אינטע
רעסירט זיך מיט אים און שיקט אַ קאָמיטע אויסצוגעפינען זיי
לאַגע און די אורזאַכען פאַרוואָס ער צאָלט ניט זיין ביל.
יעדענפאַלס מוזען אונזערע ברענטשעס גלייך זען אָנצונע
מען ענערגישע מיטלען, אַז די שטרייך־מגפה זאָל קריגען דע
געהעריגען ווידערשטאַנד. מיט גאָרניט טאָן און פאַרלייגען ד
הענט איז נאָך קיינמאָל קיין זאַך ניט אויפגעטאָן געוואָרען.

* * *

**דער 25־יעריגער יובילעאום פון „בונד"**

די אידישע אַרבייטער־באַוועגונ
אין דער גאַנצער וועלט פייערט אי
דעם מאָנאַט די גרינדונג פון „בונד"
מיט פינף און צוואַנציג יאָר צוריק. דאָס איז אַזאַ וויכטיג
היסטאָרישע געשעעניש, וואָס קען ניט אָפּגעשאַצט ווערען אי
אַ קורצער עדיטאָריעלער נאָטיץ. מיר האָבען אין דעם נומע
אַ ספּעציעלען אַרטיקעל וועגען דעם יום־טוב, געשריבען פו
איינעם פון די וויכטיגסטע פירער פון „בונד", וולאַדימיר מעדעם
מיר ווילען נאָר אָנצייגען אין די שורות, אַז דער איינפלוס או
די אַרבייט פון „בונד" האָט מעגליך געמאַכט דעם גרויסען ער
פאָלג פון אַרבייטער־רינג, אַלס די גרעסטע אידישע אַרבייטער
אָרגאַניזאַציע אין דער וועלט.
פון דעם יאָר 1906, ווען די אימיגראַציע פון די בונדיש
אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון רוסלאַנד, ליטע, פּוילען, רומעני
און גאַליציע האָט זיך אָנגעהויבען צו פאַרשטאַרקען, האָט דע
אַ. ר. אָנגעהויבען צו מאַכען די ריזען־שריט, וואָס האָבען אי
געבראַכט צו זיין איצטיגער מאַכט און גרויס. אין 1906 האָ
דער אַ. ר. נאָר געהאַט 8840 מיטגלידער און דעמאָלט זיינע
שוין מער ווי אַ העלפט פון דער צאָל געווען רעקרוטירט פון ד
רייען פון „בונד". עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלע
באַהויפּטען, אַז 60 טויזענט מיטגלידער אין אַ. ר. זיינען געווע
זענע בונדיסטען, אָדער זיינען געשטאַנען אונטער דעם „בונד'ס
השפּעה. די איצטיגע נאַציאָנאַלע הויפּט־באַאַמטע פון אַ. ר
זיינען אַלע געווען בונדיסטישע טוער. דער גרעסטער טייל פו
אונזערע טוער איבער'ן לאַנד, די סעקרעטאַרען און די טאָן־גע
בער קומען פון „בונד'ס" חדר.
דער יום־טוב פון „בונד" איז דעריבער אויך דער יום־טו
פון דעם אַרבייטער־רינג, פון זיין סאָציאַליסטישען גייסט, פו
זיינע אויפטואונגען, פון זיין איינפלוס און מאַכט.
מיר זיינען זיכער, אַז אונזערע ברענטשעס וועלען פייערע
דעם יום־טוב — זייער יום־טוב, ווי ער פאַרדינט. מיר זיינע
זיכער, אַז אונזערע מיטגלידער פאַראייניגען זיך מיט אונז אי
שיקען דעם הערציגסטען, ברידערליכען „מזל־טוב", צו אַלע בונ
דישע אָרגאַניזאַציעס אין די אייראָפּעאישע מזרח־לענדער או
צו אַלע בונדיסטען אין אַלע ווינקעלאַך פון דער ערד.
זאָל לעבען דער „בונד"! זאָל ער לעבען און בליען אי
אַלע זיינע צווייגען און שאַטירונגען, אין אַלע זיינע פאָרמען
וואָס ער האָט אָנגענומען דאָ און דאָרטען. זאָל ער לעבען בי
יענעם גרויסען טאָג, ווען די ג אַ נ צ ע ערד וועט באַדעקט ווערע
פון א י י ן בונד פון מענשען און פעלקער, אין פרייהייט, גלייכ
הייט און גערעכטיגקייט!

# זעלבסטמאָרדען אין אַרבייטער רינג

פון י. ב. ביילין

פאַר די לעצטע פופצען יאָר (1921—1906) זיינען אין אַרבייטער־רינג געשטאָרבען: צוויי טויזענט זיבען הונדערט און פינף און צוואַנציג מיטגלידער. פון דער צאָל האָבען הונדערט און פיר און פופציג ניט געקענט דערוואַרטען זיך אויפ'ן מלאך־המות און אַליין אויף זיך אַרויפגעלייגט אַ האַנט — די האַנט פון טויט.

הונדערט און פיר און פופציג זעלבסטמערדער!

הונדערט און פיר און פופציג באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע טראַגעדיעס. אַזוי פיל מענשען זיינען אַרומגעגאַנגען צווישען אונז מיט קברים אין זייערע הערצער און מיט אַן אויסגעלאָשענעם ליכט אין די אויגען. און מיר האָבען דאָס ניט באַמערקט און מיר האָבען אַפילו ניט פאַרדעכטיג, אַז די מענשען האָבען שוין אונטערגעצויגען אַלע חשבונות מיט'ן לעבען און אַריינגעגאַנגען אין אַ געהיימען אָפּמאַך מיט'ן טויט.

דאָס זיינען צום גרעסטען טייל געווען שטאָלצע מענשען, אומביינזאַמע נאַטורען. דאָס אכזריות'דיג שטורמיש לעבען האָט זיי ניט געקענט ברעכען, אַפילו ניט בייגען: שטום האָבען זיי אין זיך געטראָגען אַלע עולות. אָן אַ שפּור פון אַ זויערער מינע אויפ'ן פּנים, אָן אַ שליאַד פון אומצופרידענהייט און פּראָטעסט, זיינען זיי אַרומגעגאַנגען צווישען אונז. מיר האָבען זייער מאַסקע פון צופרידענהייט ניט געקענט דורכדרינגען. מיר האָבען זייער טאָפּעלטע בוכהאַלטעריע ניט געקענט פאַרנעמען. פאַר קיינעם זיך ניט געקלאָגט, און ביי זיך אין האַרצען, ווי אויף פּאַרמעט, אַן „איכה" געשריבען. ביי קיינעם ניט געבעטען קיין רחמנות, אין דער צייט, וואָס זייער ברוסט האָט זיך געקאָרטשעט פון מיטלייד מיט זיך, מיט דער וועלט . . .

און אפשר האָבען זיי גאָרניט געהאַט ביי וועמען צו בעטען רחמנות, פאַר וועמען דאָס האַרץ צו אַנטפּלעקען און אַן אמת'ן פריינד, פאַר וועמען אויפצובינדען די וואונדען. גייען מיר דאָך אַרום צווישען די טויזענטער און טויזענטער, וואָס פילען אָן אונזערע שטעט, אַליין. זיינען מיר דאָך שטענדיג איינגעוויקעלט אין אונזערע אייגענע זאָרגען און טאָרגען, פריידען און ליידען, האַנדלען און וואַנדלען. האָט דאָך די איצטיגע „יושר'דיגע" אָרדענונג, יעדען איינעם פון אונז, אַריינגעשליידערט אין אַ באַזונדערער צעל, אונטער פעסט־געשמידטע גראַטעס, מיט אַן אייגען פענסטערל און אַ באַזונדער פאַס הימעל. מוזען מיר דאָך מודה זיין, אַז די טראָפּענס פון פריינדשאַפט, וואָס עס איז געלונגען אַריינצוטריפען אין אונזער אָרדען, ווערען נאָך אַלץ, אין פיל פאַלען, צעשוואָומען אין ימים פון אינדיפערענץ און אַפּאַטיע אין דעם אומגליק פון אונזער פריינד. דאָס איז ניט אונזער שולד. מיר קענען ניט אָפּשיילען די הויט, אין וועלכער מיר זיינער געבאָרען געוואָרען. מיר זיינען אָנמעכטיג אין די אייזערנע הענט פון די איצטיגע אומשטענדען, וואָס האָבען אַרויסגעריסען פון אונז די הונדערט און פיר און פופציג אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן.

דאָס זיינען צום גרעסטען טייל געווען מענשען מיט אַ שטאַרק אַנטוויקעלטען געפיל פאַר יושר. דער באַגריף איז געווען ביי זיי צו באַשיינפערליך, צו עלעמענטאַר, אַז זיי זאָלען גאָר דאַרפען וועגען דעם שרייען אָדער אַפילו ריידען. זיי האָבען געשטיקט דעם פּראָטעסט־געפיל ביי זיך אין האַרצען, געשטיקט און געדריקט ביז עס איז זיי אוממעגליך געוואָרען ווייטער אַזוי צו לעבען.

דאָס זיינען צום גרעסטען טייל געווען מענשען, אין וועמענס רוקען דער בייטש פון די אומשטענדען האָט זיך צו אָפט אַריינגעשניטען. און זייענדיג עמפינדליכער און באַוואוסטזיניגער האָט ביי זיי יעדער פייף פון דעם בייטש צעהילכט זיך אין מוח, ווי אַ קאַפּעליע פון שדים־דזשאַז וואָלט דאָרט אויסגעבראַזגעט איר וויסטע עבודה. אַ פערד וואָלט דאָס לאַנג געקענט אויסהאַלטען, ביז ער וואָלט אַליין ווען עס איז אויסגעצויגען זיינע פיס. אַזעלכע מענשען האָבען דאָס ניט געקענט. האָבען זיי אַרויסגערופען דעם טויט צו זיך, אַריינגעלאַכט אים ביטער אין זיין פינסטערן פּנים אַריין און געזאָגט: פאַר דיר האָבען מיר געוויס קיין מורא ניט!

דאָס זיינען געווען די אינגסטע צווישען אונז. (ווי מיר ווילען אַביסעל שפּעטער זען, איז דער גרעסטער טייל פון די זעלבסטמאָרדען אין אַ. ר. צווישען 20 און 30 יאָריגע.) זיי האָבען נאָך געהאַט פאַר זיך יאָרען און יאָרען צו לעבען. זיי האָבען געהאַט הינטער זיך נאָך פאַרהעלטניסמעסיג ווייניג ערפאַרונגען. אָבער דאָס ביסעל וואָס זיי האָבען שוין יאָ געהאַט האָט זיי געקלעקט, אַז זיי זאָלען מאַכען אַ טרויעריגען סך־הכל פון אַלע זייערע אויסזיכטען אין דער צוקונפט. וואָלטען מיר, די סביבה, אין וועלכער זיי האָבען זיך געפונען, געטראָגען צו זיי גענוג ליכט און האָפענונג אויף אַ בעסערער צייט און אַ גערעכטערער געזעלשאַפט, וואָלטען זיי נאָך איצט אויך געווען צווישען אונז. און זיי וואָלטען אפשר געווען די בעסטע צווישען אונז.

דאָס זיינען געווען די מוטיגסטע צווישען אונז. מ'זאָגט אַפילו, אַז מ'דאַרף מער מוט האָבען צו לעבען אין שלעכטע אומשטענדען ווי צום שטאַרבען, אָבער דאָס איז נאָר אין אַ געוויסען זין. אין אַלגעמיין דאַרף מען האָבען אַ באַדייטענדע מדרגה פון מוט צו לייגען אויף זיך אַ האַנט. דערציילט דאָך די לעגענדע, אַז בר־כוכבא האָט אויסגעפּרוּווט דעם מוט פון זיינע פרייוויליגע סאָלדאַטען מיט דעם, וואָס זיי האָבען געמוזט אָפּהאַקען זיך אַליין מיט דער שווערד דעם גראָבען פינגער פון פוס. די יאַפּאַנעזער ווערען פאַררעכענט צווישען די מוטיגסטע קעמפער פון דער היינטיגער צייט און ביי זיי זיינען זעלבסטמאָרדען אַמערסטענס פאַרשפּרייט. דאָס איז שוין אַפילו ביי זיי געוואָרען דער קולט פון מוט, און איז אַריינגעפלאָכטען אין זייער רעליגיע. — יאָ, זיי זיינען געווען די מוטיגסטע צווישען אונז, טראָץ זייער פעסימיזם. צום אומגליק האָבען זיי זייער מוט שלעכט אויסגענוצט און נאָך ערגער פאַרשווענדט.

שטיל האָבען זיי געלעבט און שטיל האָבען זיי די וועלט פאַרלאָזען. אָן הספדים, אַפילו אָן די טראַדיציאָנעלע טרויער־רעזאָלוציעס, אין וועלכע מ'זאָגט געוויינליך צו, אַז זייער אָנדענקען וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסען ווערען.

---

די ערשיינונג פון זעלבסטמאָרדען האָט אין די לעצטע צענדליגער יאָרען געצויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון פאַרשידענע סאָציאַלע פאָרשער. באַנוצענדיג זיך מיט דער סטאַטיסטיק, וואָס איינציגע לענדער האָבען איינגעפירט, זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען עטליכע פאַקטען, וואָס מיר, סאָציאַליסטען, דאַרפען דאָס וויסען. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען דער פאַקט, אַז זעלבסטמאָרדען האַלטען זיך אין איין פאַרגרעסערען פון יאָר צו יאָר הויפּטזעכליך אין די אינדוסטריעלע לענדער. אונזערע געגנער לאַכען אָפּט פון אונז, וואָס מיר „וואַ־

ליען יעדע שולד ארויף אויפ'ן קאפיטאליזם". אָבער איך האָב דאָ פאר זיך אזעלכע ווערק, ווי פון דעם ענגלישען סטאטיסטיקער אָגעל, פון מאַרסעלי, וועסטקאָט און סטראהאַן, אלץ אזעלכע, אויף וועמען עס קען ניט זיין קיין חשד, אז זיי זיינען אזעלכע געפערליכע רעוואָלוציאָנערען, און אלע קומען זיי צום שלוס, אז דער וואוקס פון די זעלבסטמאָרדען איז אידענטיש מיט דעם וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג. עס ווערט פון אַלעמען פון זיי באשטעטיגט, אז זעלבסטמאָרדען ביי באשעפטיגטע איז צוויי מאָל קלענער, ווי זעלבסטמאָרדען ביי ארבייטסלאָזע. מיר ווילען גלייך דאָ זען פון אונזער אייגענער טאבעלע, וואָס אונזער סטאטיסטישער דעפּארטמענט פון א. ר. האָט צוזאמענגעשטעלט אויף דעם פארלאנג פון דעם שרייבער פון דעם ארטיקעל, אז אין די יאָרען פון פּראָספּעריטעט איז די צאָל פון זעלבסטמאָרדען פארקלענערט געוואָרען אויף א העלפט און אפילו אויף צוויי־דריטעל אנטקעגען די שלעכטע יאָרען. אָט דער פאקט איז שוין באשטעטיגט געוואָרען צענדליגער מאָל ניט נאָר דורך היפּאָטעטישע גרונטען (סברות), נאָר דורך סטאטיסטישע באווייזען און גרינטליכע לאָקאלע אויספאָרשונגען. אָבער דאָך געפינען זיך נאָך גענוג, כלומר'שטע, וויסענשאפט־לייט, וואָס ווילען פארדרייען די פאקטען און פארזוכען דאָס אויסצוטייטשען אויף דעם משונה'דיגסטען שטייגער, אבי ניט צוצוגעבען דעם פאקט, אז אונזער געבענשטע אָרדענונג איז פאראנטוואָרטליך פאר די טויזענטער טראגעדיעס.

די צאָל זעלבסטמאָרדען אין א. ר. זיינען געווען פאר די לעצטע פופצען יאָר, ווי פאָלגט:

טאבעלע פון זעלבסטמאָרדען אין א. ר. פאר די לעצטע 15 יאָר

| 5־יעריגע עלטער־גרופּען | 1909 | 1910 | 1911 | 1912 | 1913 | 1914 | 1915 | 1916 | 1917 | 1918 | 1919 | 1920 | 1921 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון 18 ביז 24 יאָר — — — — — | 4 | 4 | 1 | 3 | 1 | 3 | 2 | 3 | 2 | — | — | — | — |
| פון 25 ביז 29 יאָר — — — — — | 2 | 5 | 3 | 9 | 5 | 1 | 3 | 3 | 1 | — | 2 | 1 | 3 |
| פון 30 ביז 34 יאָר — — — — — | 2 | 1 | 3 | 2 | 3 | 2 | 3 | 1 | 1 | 3 | 3 | 2 | 3 |
| פון 35 ביז 39 יאָר — — — — — | 1 | 3 | — | 1 | 1 | 4 | 1 | 2 | — | 1 | — | — | 5 |
| פון 40 ביז 44 יאָר — — — — — | 1 | — | — | 1 | 1 | 2 | 1 | 1 | 1 | — | 1 | 4 | 1 |
| פון 45 ביז 49 יאָר — — — — — | 1 | — | — | — | — | — | 1 | 3 | — | — | 1 | 2 | 3 |
| פון 50 ביז 54 יאָר — — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 | 1 | — | 1 | 1 |
| פון 55 ביז 59 יאָר — — — — — | 1 | — | — | — | — | — | — | — | 1 | — | — | — | — |
| פון 60 און העכער — — — — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | — | 1 |
| סך־הכל — | 12 | 13 | 7 | 16 | 11 | 12 | 11 | 13 | 7 | 5 | 7 | 10 | 17 |

מיר זעען גלייך, אז אין דעם פארצויגענעם קריזיס, וואָס האָט אָנגעהאלטען פון 1912 ביז דעם אָנהייב פון 1917, איז די צאָל זעלבסטמאָרדען געווען ביי אונז זייער גרוים, און ווי עס האָבען זיך נאָר אָנגעהויבען די „גוטע" יאָרען פון דער מלחמה, איז די צאָל גלייך שארף אראָפּגעפאלען. מיר זעען ווידער, ווי נאָר דער נייער קריזיס פון נאָך דער מלחמה האָט אָנגעהויבען אריינצוטרעטען, פארגרעסערט זיך גלייך די צאָל און נעמט ווידער שטייגען.

אויפ'ן ערשטען בליק קומט אויס מאָדנע, וואָס דער זעלבער כלל האלט ניט אויס אין די יאָרען 1909 און 1910. ווי די טאבעלע ווייזט אונז, איז דעמאָלט די צאָל פון זעלבסטמאָרדען געווען ביי אונז פארהעלטניסמעסיג זייער הויך. (מיר האָבען דאָך דעמאָלט געהאט ווייניגער ווי א העלפט מיטגלידער, ווי מיר האָבען געהאט פאר די לעצטע צוויי יאָר) און גראָד זיינען די דערמאָנטע צוויי יאָר געווען זאטע יאָרען. דערמאָנען מיר זיך אָבער גענויער יענע יאָרען און דעם מאסען־שטראָם פון אימיגראציע, וואָס האָט א פלייץ געטאָן פון רוסלאנד נאָך דער אונטערדריקונג פון דער 1905 רעוואָלוציע, וועלען מיר באלד איינזען, אז די צוויי יאָרען זיינען געווען אויסנאמען טאקע צוליב דעם כאראקטער פון יענער אימיגראציע. זייער א גרויסע צאָל פון די, וואָס זיינען דעמאָלט געקומען צו אונזערע ברעגען זיינען געקומען צעבראָכענע און אנטוישטע. אויך אין רוסלאנד גופא האָבען זיך דעמאָלט די זעלבסטמאָרדען פארמערט און האָבען אָנגענומען דעם כאראקטער פון א מגפה. אייניגע האָבען זיך געוואָרפען, פון פארצווייפלונג, צו שכרות, צו א צעלאָזענעם הוליאקישען סאניניזם און אנדערע האָבען געשטילט זייערע אויפגעבייטשטע נערווען מיט דעם קנאל פון א רעוואָלווער אין דעם אייגענעם קאָפּ. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען סטאָליפּין האָט באדעקט רוסלאנד מיט וועלדער פון תליות און צענדליגער טויזענטער האָבען אָנגעפילט די טורמעס און קראַפּירט דאָרט פון די פארשידענסטע מגפות. פיל זיינען געווען פארשיקט אין די פארוואָרפענסטע געגענטען און פיל זיינען געווען געצוואונגען צו לויפען און זיינען געקומען אהער געפינען פרייהייט און בארואיגונג. זיי זיינען געקומען צעפיבערטע, צעשרויפטע און געפּרואווט אריינגיין אין אונזערע אָרגאניזאציעס. דעמאָלט איז טאקע געווען די צייט, ווען אין איין יאָר האָט זיך דער א. ר. כמעט פארצווייפאכט (1907) און איז שוין געשטיגען מיט ריזען־טריט פון יאָר צו יאָר. וואָס איז דער וואונדער, וואָס די זעלבסטמאָרדען זיינען צווישען אזא עלעמענט געווען אויסערגעוויינליך גרויס!

אין אלגעמיין האלט אָבער דער אויבענאָנגעוויזענער כלל אומעטום אויס. מיט דעם וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג וואקסט די צאָל זעלבסטמאָרדען, בלייבט שטיין אויף אן אָרט אין א ספּעציעל גוטען יאָר, און נעמט זיך ווידער כסדר שטייגען אָן אן אויפהער. אָט האָבען מיר פאר זיך א טאבעלע פון זעלבסטמאָרדען אין ענגלאנד און וועלס פאר 35 יאָר, צוזאמענגעשטעלט אין פינף־יאָריגע גרופּען. די טאבעלע ווייזט וויפיל זעלבסטמאָרדען זיינען אין דורכשניט אויסגעקומען יעדען יאָר אויף יעדען מיליאָן נפשות:

פון 1861־65 — 65 זעבסטמאָרדען
אויף יעדען מיליאָן פון דער באפעלקערונג.
" 1866־70 — 66 זעלבסטמאָרדען
" 1871־74 — 66 "
" 1876־80 — 74 "
" 1881־85 — 75 "
" 1886־90 — 79 "
" 1891־95 — 88 "
" 1896־1900 — 89 "
" 1901־1905 — 100 "

דאָ זעען מיר ווי אין פארלויף פון 35 יאָר איז די צאָל פון זעלבסטמאָרדען געשטיגען פון 65 א יאָר אויף יעדען מיליאָן נפשות אויף 100. מיר באמערקען ווי אין די גרופּע־יאָרען פון 1870 ביז 1875 האָט זיך די צאָל ניט פארגרעסערט. דאָס זיינען טאקע געווען אויסערגעוויינליך גוטע יאָרען פאר דער ענגלישער אינדוסטריע; (דערצו האָט אָן צווייפעל בייגעטראָגען די פראנ־

(שלוס אויף זייט 10.)

# צום פינף און צוואַנציג יעריגען יובילעאום פון „בונד"

פון וו. מעדעם

דער 10־טער אָקטאָבער 1922 איז א גרויסער יום־טוב פאַר
ער אַרבייטער־באַוועגונג: דער 25־יעריגער יובילעאום פון
בונד".

מיר, בונדיסטען, זיינען צוגעוואוינט צו א באַשיידענער
פראַך. מיר האָבען נישט ליב די אָנגעבלאָזענע מליצה. מיר
אָגען פשוט'ע, ערנסטע, זאַכליכע ווערטער. און אויב איך גיי
יצט זאָגען א וואָרט, וואָס הייבט זיך אויף איבער דער גרויער
וואָכעדיגקייט, איז עס נישט גלאַט גערעדט, נאָר אַן אויסדרוק
ון דער זאַך גופא. וואָס איך וויל זאָגען איז:

מיט פינף און צוואַנציג יאָר צוריק, מיט דער גרינדונג פון
ון „בונד", האָט זיך אָנגעהויבען א נייע תקופה אין דער אידי־
שער געשיכטע.

יאָ, א נייע תקופה אין דער אידישער געשיכטע. ס'איז
ישט קיין יום־טוב'דיגע פראַזע. א ניין, ס'איז א גאַנץ ניכ־
טערע אָפּשאַצונג פון אמת.

א הייפעלע יונגע־לייט זיינען זיך צונויפגעקומען אין א
ליין חדר'ל ערגעץ אין א ווילנער פאָרשטאָט. צי איז זיי אריינ־
געפאַלען אין קאָפּ, אז דאָס, וואָס זיי גייען שאַפען, וועט זיין
ז זאַך פון אזא גוואַלדיגער היסטאָרישער גרויס? אפשר יאָ,
און אפשר נישט. מעגליך, אז זיי האָבען געשפּירט, אז עס
אַפט זיך עפּעס גרויסעס. זיי האָבען אָבער זיכער נישט גע־
וואוסט וועגען דער גאַנצער גרויסקייט, וועגען דער גאַנצער
וואַלדיגער באַדייטונג פון דער נייער שאַפונג. און איך צווייי־
על, צי מיר ווייסען עס אויך היינט־צו־טאָג ווי ס'באַדאַרף
ו זיין.

אין משך פון לאַנגע, אומענדליך לאַנגע, יאָרען — איין
אָרהונדערט נאָכ'ן צווייטען — איז די געשיכטע פון אידישען
אָלק געוועזן דער עיקר — א געשיכטע פון הענדלער און קרע־
ער. האַנדעל און פאַרמיטלעריי און נאָך אמאָל האַנדעל און
בער אמאָל פאַרמיטלעריי — דאָס איז געוועזן דער עצם אינ־
האַלט פון איצטיגען לעבען. אמת, עס האָבען זיך געטראָגען
יבער דעם דאָזיגען פינסטערען, גרויען נעבעל פונקען פון
ענשליכען געדאַנק און אָנגעשטרענגטער גייסטיגער אַרבייט.
בער אויך דער גייסט איז געוועזן אין די קייטען פון דעם גרויען
עבען. פונקט ווי דאָס אידישע לעבען, איז אויך דער אידישער
עדאַנק געוועזן רירעוודיג אָבער אומפּרוכטבאַר.

וואָס זשע איז דער זין און דער אינהאַלט פון די לעצטע
2 יאָר פון אונזער געשיכטע? די געשיכטע פון הענדלער און
רעמער ווערט פאַרוואַנדעלט אין א געשיכטע פון אַרבייטער־
לאַס. דאָס איז אַלץ. דאָס איז אָבער אזא איבערקערעניש,
וואָס קען זיך פאַרגלייכען בלויז מיט די גרעסטע היסטאָרישע
עוואָלוציעס.

וואָרום דאָס באַדייט אַן איבעראַנדערשונג פון דעם גאַנצען
עבען, אָבער טאַקע בוכשטעבליך דעם גאַנצען לעבען פון אויבען
יז אַראָפּ, אין אַלע זיינע פאָרמען און צווייגען.

אמת, עס איז נאָך נישט פאַרענדיגט. ס'איז בלויז דער
נהייב. אינ'ם לעבען פון די פעלקער איז 25 יאָר בלויז א
ורצע רגע. אָבער ווען מען פאַרגלייכט דאָס היינטיגע לעבען
ימ דעם, ווי ס'איז געוועזן מיט א פערטעל־יאָרהונדערט צוריק,
וז מען שטוינען: וואָס פאַר א גוואַלדיגער שטיק וועג איז
עבליבען הינטער אונז!

איך וויל נישט מגזם זיין. דאָס אידישע פאָלק איז נאָך
ישט געוואָרען אַן אַרבייטער־פאָלק. וואָס איז אָבער יאָ גע־
עען: די אַרבייטער זיינען געוואָרען דער חוט־השדרה, דער
וקען־ביין פון אידישען פאָלק. די אַרבייטער זיינען געוואָרען
די איינציגע אמת־אַקטיווע, שטויסענדע, שאַפענדע, שעפערישע
קראַפט, די קעמפענדע קראַפט פון דער צוקונפט. און דאָס האָט
אויפגעטאָן די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־באַוועגונג, דאָס מיינט
— דער בונד".

ווי געזאָגט, באַדייט דאָס א באַנייאונג פון גאַנצען לעבען,
אויף אַלע זיינע געביטען, אין אַלע זיינע פאָרמען. נעמט דאָס
פּאָליטישע לעבען: צי איז פאַרבליבען כאָטש א ברעקעל ענ־
ליכקייט צווישען דעם אידישען קרעמער פון אמאָל און זיין
היינטיגען אַרבייטער־קעמפען? צוויי וועלטען, און א טיפער
גיהנם צווישען זיי!

נעמט דאָס עקאָנאָמישע לעבען. ווידער אמאָל: וואָס
פאַר א גוואַלדיגער תהום צווישען דעם נידערגעשלאָגענעם אידען
פון אמאָל, וואָס פלעגט קומען פרייטאָג צום בעל־הבית בעטען
ביי אים א מין נדבה'לע צו מאַכען שבת, און דעם היינטיגען אַר־
בייטער, מיטגליד פון א מעכטיגער יוניאָן, א מיטגליד פון הונ־
דערט־טויזענט־קעפּיגער משפּחה.

נעמט דאָס קולטורעלע לעבען: די פּרעסע, ליטעראַטור,
דער טעאַטער, די קינדער־שולען, די אידישע שפּראַך גופא!
ווער האָט דאָס גע'חלומ'ט מיט דרייסיג יאָר צוריק וועגען אזא
אויפבליאונג, ווי זי איז געקומען אין דער אמת'ן. ס'איז ממש
א נס, א וואונדער, מיט וואָס פאַר א גיכקייט און ברייטקייט
האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אין א גרינגעם געוויקס דאָס קליי־
ניטשקע קערענדעל, וואָס איז געוואָרפען געוואָרען פון א הייפעל
פּיאָנערען. און די טרייב־קראַפט, וואָס האָט באַשאַפען דעם
אימפּעט און געגעבען די לעבענס־פעאיגקייט, איז ווידער אמאָל
געוועזן — דער אידישער אַרבייטער־קלאַס, די אידישע אַרביי־
טער־באַוועגונג, דאָס מיינט דער „בונד".

אויף אַלע געביטען פון לעבען — נייע געוויקסען, נייע ער־
שיינונגען, א נייע וועלט. און אומעטום דער זעלביגער קוואַל,
דער אייגענער וואָרצעל: די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג, דער
„בונד".

* * *

דער עיקר איז דער „בונד" אַלעמאָל געוועזן און געבליבען
ביז'ן היינטיגען טאָג א פּאָליטישע פּאַרטיי. יעדע פּאָליטישע
פּאַרטיי האָט איר פּראָגראַם, מיט איר טאַקטיק, מיט אירע קאָמ־
פּיינס און מיט אירע מנהגים. די אַלע זאַכען רופען אַרויס מיי־
נונגס־פאַרשידענהייטען. ס'זיינען דאָ מענשען, וואָס זיינען ניט
צופרידען מיט אזא האַנדלונג פון „בונד" אין פּוילען אָדער מיט
אזא טריט פון „בונד" אין רוסלאַנד. איך וויל ביי קיינעם ניט
צונעמען דאָס רעכט פון קריטיק. אָבער די טאָג־טעגליכע קרי־
טיק, די קריטיק פון דער וואָך שליסט ניט אויס א געהויבענע,
געזונטע אָפּשאַצונג. מיר דאַכט זיך, אז איין מאָל אין פינף־
און־צוואַנציג יאָר מעגען זיך אפילו די געגנער אויפהייבען איבער
דער מדרגה פון דער טאָג־טעגליכער קליינליכקייט און א קוק טאָן
אויף דער גרויסער היסטאָרישער ערשיינונג מיט א ברייטען און
פרייען קוק. דעמאָלט וועלען זיי זען דעם עצם אינהאַלט פון
„בונד". און מיר דאַכט זיך, אז דער דאָזיגער עצם אינהאַלט
באַשטייט אין דער אָדער יענער פאָרמולע, ניט אין דער אָדער
יענער רעזאָלוציע, נאָר אין א גאָר אַנדערער, א גאָר ברייטערער,
א גאָר גרעסערער און א גאָר פּשוט'ערער זאַך. און די דאָזיגע
זאַך קען אויסגעדריקט ווערען אין צוויי קורצע געדאַנקען:

דער „בונד" האָט איינגעפירט אין דער אידישער געשיכטע
דעם אַרבייטער. דער „בונד" האָט איינגעפירט אין דער אַל־
וועלטליכער אַרבייטער־משפּחה דעם אידען.

אָט דאָס איז זיין היסטאָרישע אויפגאַבע. און דעם דאָ־

זיגען היסטאָרישען פּאַרדינסט זיינעם מוזען אנערקענען אפילו די היינטיגע, גענגנער זיינע פון לינקס און פון רעכטס. וואָרים ניט קוקענדיג אויף דער גאַנצער געגנערשאַפט, מוזען זיי זיך מודה זיין: אויב נישט דער „בונד" וואָלטען זיי לגמרי נישט עקזיסטירט. ער האָט דאָס געשאַפען דעם באָדען, אויף וועלכען זיי זיינען אויסגעוואַקסען. אָן זיין אַרבייט וואָלט קיין איינע פון די היינטיגע פּאַרטייען און ריכטונגען ניט געקענט קומען אויף דער וועלט. און אַפילו דער געגנער, אויב ער איז נאָר ערליך און אויפריכטיג, מוז אָראָפּבייגען זיין קאָפּ פאַר'ן „בונד" און אנערקענען אים פאַר זיין גייסטיגען פאָטער.

* * *

דער „בונד" האָט געעפענט א ניי בלאַט אין דער אידישער געשיכטע. דאָס דאָזיגע בלאַט איז נאָך נישט אויסגעפילט. די אַרבייט איז אָנגעהויבען געוואָרען. זי איז אָבער נאָך נישט פאַרענדיגט. אין דער שווערער, מאַנכמאָל שרעקליכער, מאַנכ־מאָל אומערטרעגליכער צייט, וואָס מיר לעבען איבער, ווערט די אַרבייט נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין איין רגע. דאָס נייע בלאַט ווערט באַדעקט מיט אַלץ פרישע שורות. די גרויסע באַ־נייאונג פון לעבען גייט ווייטער און ווייטער. און, ווי מיט 25 יאָר צוריק, אַזוי היינט צו טאָג, פירט די דאָזיגע אַרבייט דע[ר] זעלביגער אַלטער, אייביג יונגער „בונד".

ווייל דער „בונד" — דאָס איז די אידישע אַרבייטער־בא[־] וועגונג. און די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג קען ניט אָנווער[ן] איר קראַפט ביז וואַנען זי וועט ניט דערגרייכען איר ציל.

* * *

די אומוויטעלבאַרע טעטיגקייטס־פעלד פון „בונד" איז אי[ן] ראַפּע. אָבער אויך אַמעריקע איז נישט פרעמד פאַר'ן „בונד". אין א גרויסער מאָס איז דער היינטיגער דור פון דער אַמערי[־] קאַנער אַרבייטערשאַפט אויפגעהאָדעוועט געוואָרען דוקא פ[ון] „בונד", און מאַנכע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס דאָ אין אַמעריק[ע] מוזען זיך באַטראַכטען און באַטראַכטען זיך טאַקע אַלס קינדע[ר] פון „בונד".

דער אידישער אַרבייטער אין אַמעריקע האָט דאָס פון לאַנ[ג] אָן געוואוסט און פאַרשטאַנען. זאָל דער בונדישער יובילעאו[ם] פאַרשטאַרקען און פאַרפעסטיגען די אַלטע איבערגעבענקייט או[ן] די אַלטע געטרייקייט צו דער בונדישער פאָן.

---

# קוילען

**פון י. י. שוואַרץ**

ווירדזשיניא, אויפ'ן גרענעץ פון קענטאַקי.
אין מיטען ווינטער.
דער צוג לויפט אומפּעטיג, בליץ־שנעל,
אַרויס פון איין טונעל
און אין דעם צווייטען באַלד אַריין.
עס פליען שרעגעס בערג אַהינטער
מיט שאָטען און מיט גרין און זונענשיין.
און וואו־ניט־וואו א זילבער־פאָס דעקט צו
די בערג, וואָס שלומערען אין בלויער רוה.
עס גרינט, עס זילבערט זיך, עס גלאַנצט:
אָט האָט דער טייך קאַנאַהי זיך צעטאַנצט,
איז אָנגעלאָפען אונזער צוג אַנטקעגען
און וואָרפט זיך ווי א שליינגעל, בייז, צעהיצט,
און שוימט מיט גרינליך־ווייסען שוים, און שפּריצט,
פאַרקלעמט אין זיינע פעלזענדיגע ברעגען.

און ווייטער לויפט דער צוג. דאָס מאָל
ווערט אויפגעריסען ברייט דער שמאָלער טאָל.
און וואונדערליך: אָן אומגעהייער הויכע וואַנט
אויף מיילען לאַנג — ווי ס'וואָלט א האַנט
צעפאַכט זיך מיט א פייערדיגער שווערד
ווען ס'האָט געפורעמט זיך די יונגע ערד,
און האָט זיך איינגעשניטען פעסט און גראָד,
און ס'איז די וואַנט
אַרויסגעקומען גלאַנציג, שוואַרץ און גלאַט.
עס פּרעסען זיך די שיכטען קויל איינס אויף איינס
אין וואונדערבאַרע גלאַנציגע אוזאָרען.
א הייטעל דין פון אייז
ליגט זילבריג צוגעפראָרען;
און שוואַרץ און ווייס
באַהעפטען זיך אין גרוים און שיינס.

און ווידער דער קאַנאַהי־ברעג.
א בילד א ניי אַנטפּלעקט זיך פאַר די אויגען:
א ווייסער לאַגער אָנגעצויגען
אין ווייסליך־גרינעם גראָז ביים ברעג פון טייך.
עס ליגען פייערען צעשפּרייט,
און ס'ציט דער רויך זיך הויך און גלייך.
און מענער שפּאַלטען האָלץ מיט בלאַנקע העק,
און קינדער שפּילען שפּרינגענדיג מיט פרייד,
און פרויען מיט קאָלירטע טיכער אויף די קעפ
זיי גייען שעפּען וואַסער פונ'ם ברעג
און דער קאַנאַהי לויפט זיין זינגענדיגען וועג.

גיב זיי, גאָט אַזעלכע וואַרימע טעג,
אַזעלכע זוניגע טעג אין ווינטער:
אַז די קינדער זאָלען ניט פרירען,
אַז די ווייבער זאָלען ניט וויינען,
אַז די מענער מיט קויל־פאַרשוואַרצטע פּנים'ער
זאָלען קענען אויסשטיין דעם קאַמף,
דעם טויטליכען קאַמף מיט מענש און קויל!

# די וועלט־אפענסיווע פון קאפיטאל

פון א. דאצענט

דער אנגריף פון וועלט־קאפיטאל הייבט זיך אן אומגעפער פון מיטען 1920. אוממיטעלבאר נאך דער מלחמה באמערקען מיר אין אלע לענדער א שטורמישען וואוקס פון דער ארבייטער־באוועגונג. די מלחמה האט ארויסגערופען ביי די מאסען אן אומצופרידענהייט, און דער סטיכישער פאר דער מלחמה אנגעזאמעלטער האס האט זיך גלייך נאך דער מלחמה ארויסגעריסען מיט דער פולער קראפט. דאס דריקט זיך אויס אין סטיכישען ווילען צום קאמף, אין אויסערגעוויינליכען וואוקס פון די פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע, וועלכע זיינען פאר דער צייט פון 1918 ביז 1920, אויפגעוואקסען אויף 5-6 מאל. דער דאזיגער וואוקס פון דער ארבייטער־באוועגונג פון איין זייט און די אפשוואכונג פון דער קאפיטאליסטישער ארגאניזאציע פון דער אנדערער זייט האט געצוואונגען די בורזשואזיע אפצוטרעטען אויפ'ן גאנצען פראנט. דאס דאזיגע אפטרעטען האט זיך אויסגעדריקט אין „פרייוויליגען" איינפירען דעם 8־שעה'דיגען ארבייטס־טאג, אין דער העכערונג פון ארבייטס־לוין און אין א גאנצער ריי גרויסע און וויכטיגע סאציאלע רעפארמען. עקאנאמיש פאלט דאס צוזאמען מיט דער קורצער נאך־מלחמה'דיגער אויפבליאונג פון דער אינדוסטריע אין די הויפט־מלוכות.

פון דער מיט 1920 זעען מיר דעם אנהייב פון וועלט־קריזיס. ער ווערט ארויסגערופען דורך דער אויסערגעוויינליכער פארשארפונג פון די אינערליכע סתירות פון דער קאפיטאליסטישער וועלט־ווירטשאפט, דורך דער אומגעהייערער אפשוואכונג פון דער ארבייטס־פראדוקטיוויטעט אין אלע לענדער, און אויך דאדורך, וואס א זעקסטעל פון דעם גאנצען ערד־קוגעל, סאוויעט־רוסלאנד, איז ארויסגעריסען פון דער וועלט־ווירטשאפט. דער קריזיס כאראקטעריזירט זיך דורך א מאסען־שליסונג פון אונטערנעמונגען, פארקלענערונג פון דער פראדוקציע און א קאלאסאלען וואוקס פון דער ארבייטסלאזיגקייט, וועלכען די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט האט נאך נישט געזען. דער קריזיס ווערט באגלייט אין דער גאנצער וועלט מיט דעם אנגריף פון קאפיטאל אויפ'ן גאנצען פראנט.

קודם כל האבען מיר דעם אנגריף אויף דער גרונד־עראבערונג פון ארבייטער־קלאס, אויפ'ן 8־שעה'דיגען ארבייטס־טאג. „פראנקרייך קאן זיך נישט אונטערווארפען א באשטימונג, וועלכע אנדערע פעלקער פון דער וועלט ווענדען נישט אן, אנדערש וועט זי עקאנאמיש אונטערגיין" — אזוי ערקלערט אין א באריכט אין אנהייב 1922 דער פארזיצענדער פון דער האנדעלס־קאמער אין סאן עטהען. אויב מען זאל אויפ'ן ארט פון ווארט „פראנקרייך" אין דער דאזיגע פראזע אריינשטעלען — ענגלאנד, דייטשלאנד, האלאנד, שווייץ א. אז. וו., וועט מען האבען די פארמולע, וועלכע דער קאפיטאל פון אלע לענדער ווענדט אן אין זיין קאמף געגען 8־שעה'דיגען ארבייטס־טאג. עס איז אינטערעסאנט צו פארצייכענען די באשלוסען אין דער דאזיגע פראגע פון דעם אונטערנעמער־קאנגרעס אין אקטאבער 1921 אין בריסעל. „נעמענדיג אין אכט, אז דער וואוינונגס־קריזיס און דער קריזיס אויפ'ן געביט פון געזעלשאפטליכע ארבייטען האט אנגענומען אן אינטערנאציאנאלען כאראקטער און ער איז באזונדער שטארק אויסגעדריקט אין די לענדער, וועלכע האבען געליטען פון דער מלחמה, דריקט אויס דער קאנגרעס דעם וואונש, אז אין די לענדער, וואו דער געזעץ וועגען 8־שעה'דיגען טאג איז שוין איינגעפירט, זאל ער ווידער בטל ווערען; אין די לענדער, וואו ער איז נאך נישט איינגעפירט, זאל ער ווייטער נישט איינגעפירט ווערען ביז עס וועט איינטרעטען א גינסטיגע צייט". אנאלאגישע רעזאלוציעס ווערען אנגענומען אויף זייער פיל אונטערנעמער־צוזאמענפארען, נאציאנאלע און אינטערנאציאנאלע. דאס געזעץ וועגען 8־שעה'דיגען ארבייטס־טאג, דער דאזיגער לעבענסנערוו פון ארבייטער־קלאס, ווערט א בלאסער שאטען.

צוזאמען דערמיט גייט אן אומאויפהערליכער ברייטער אנגריף אויפ'ן ארבייטס־לוין. אין דעם אויפרוף, וועלכען דער גענעראל־ראט פון די ענגלישע טרייד־יוניאנס האבען ארויסגעלאזען אין אנהייב פון דעם יאר „צו אלע ארבייטער און צו דער געזעלשאפטליכער מיינונג" ווערט אנגעוויזען, אז פאר'ן איינעם 1921־טען יאר האבען די ארבייטער אין ענגלאנד אנגעווארען צוליב די לוין־קירצונגען אן ערך 5 מיליאן פונט שטערלינג א וואך. ווען מען זאל נעמען די אנדערע לענדער, ווי שוועדען, נארוועגען, אמעריקע א. אז. וו., וועלען מיר זען, אז די לוין־קירצונגען זיינען אין די באזונדערע צווייגען פון דער אינדוסטריע דערגאנגען פון 15 ביז 50 און אפילו אין א טייל פאלען ביז 60 פראצענט. די דאזיגע קאלאסאלע פארקלענערונג פון די לוינען האט געדארפט פארקלענערען אין אן אומגעהייערער מאס די פראדוקציאנס־קאסטען און אזוי ארום ארויסהעלפען די אונטערנעמער פון קריזיס. אט זיינען, למשל, ציפערען פון שוועדען. די אונטערנעמער האבען פון ניי־יאר אן געפאדערט צו פארקלענערען דעם לוין פון די טעקסטיל־ארבייטער ביז 45 פראצענט, פון די לעדער־ארבייטער אויף 65 פראצענט. דאס זעלבע זעען מיר אויך אין אנדערע לענדער. אין לענדער מיט א נידעריגער וואליוטע באמערקט זיך א כלומר'שטע שטייגערונג פון דעם ארבייטס־לוין, אבער די דאזיגע שטייגערונג איז נאר א שיינבארע; די ירידה פון דער וואליוטע באדייט אן אומאויפהערליכע ירידה פון ארבייטס־לוין, ווייל דאס פאלען פון דער וואליוטע פירט אומפארמיידליך צו א וואוקס פון יקרות, נאך וועלכען דער וואוקס פון ארבייטס־לוין קאן זיך קיינמאל נישט דעריאגען; דער רעאלער לוין, וועלכער ווערט אויסגעדריקט אין די נויטווענדיגע סחורות און זאכען, פאלט, נישט קוקענדיג דערויף, וואס דער שיינבארער לוין, וועלכער ווערט אויסגעדריקט אין געפאלענעם געלט, וואקסט.

די אפענסיווע פון קאפיטאל ווענדט זיך אויך געגען די רעכט פון די ארבייטער אין דער פראדוקציע. צום בולט'סטען קומט דער דאזיגער קאמף צום אויסדרוק אין דער שטעלונג פון די ענגלישע מעטאל־אינדוסטריעלער אין מערץ־מאי 1922. אין דעם מעמאראנדום, אין וועלכען זיי ערקלערען די סבות פון דעם דאזיגען קאמף פאר דער עפענטליכקייט, ווערט געזאגט, אז דער שטרייט דרייט זיך ארום דעם, „צי זאלען די אונטערנעמער האבען דאס רעכט אליין צו פארוואלטען זייערע פאבריקען", „צי זאל די אינדוסטריע פון לאנד אויפגעבויט ווערען אויפ'ן גרונד פון סאוויעט־סיסטעם, אדער אויפ'ן גרונד פון פריוואט־אייגענטום". דערביי האנדעלט זיך באמת אין דעם, צי זאלען די געווערקשאפטען און די פאבריק־עלטסטע האבען דאס רעכט ארויסצוזאגען זייער מיינונג צו דער פראגע וועגען איבערשטונדען. דאס זעלבע באמערקען מיר אויך אין אנדערע לענדער. דער אונטערנעמער דארף צוריק ווערען זעלבסטהערשער פון זיין אונטערנעמונג, אלעס איבעריגע איז „סאוויעט־סיסטעם" — דאס איז דער לאזונג פון אנגרייפענדען קאפיטאל.

די זעלבסטהערשונג פון קאפיטאל מוז פארניכטען די ארבייטער־ארגאניזאציעס. אויפ'ן צוזאמענפאר פון די גרובענס־אייגענטימער אין אמעריקע איז מען ארויסגעטרעטען פאר דער איינפירונג פון דעם גרונד־עלעמענט פון דער אמעריקאנישער קאנסטיטוציע — דער פרייהייט — אויך אין די פאבריקען. דער זין פון דער דאזיגער „פרייהייט" באשטייט אין דעם, וואס די אונטערנעמער דארפען האבען צו טאן מיט יעדען ארבייטער.

באַזונדער, נישט מיט קיין שום אָרגאַניזאַציעס. נישט קיין קאָלעקטיוו מיט קיין קאָלעקטיוו זאָל פאַרהאַנדלען, נאָר אָרגאַניזירטע אונטערנעמער זאָלען פאַרהאַנדלען מיט איינצעלנע אַרבייטער. די דאָזיגע באַוועגונג, וועלכע ווערט אין אַמעריקע גערופען אָפּען שאַפּ, ד. ה. דאָס רעכט פון אונטערנעמער אָנצונעמען אין זיין פאַבריק אומאָרגאַניזירטע אַרבייטער, באַדרייט די פאַרניכטונג פון די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס. דער דאָזיגער קאַמף האָט זיך אַריבערגעטראָגען פון אַמעריקע אויך קיין אייראָפּע. איצט קומט דער דאָזיגער קאַמף פאָר אין די סקאַנדינאַווישע מלוכות, אין האָלאַנד און אין דער שווייץ. עס איז נישטאָ קיין איין לאַנד, וואו די אונטערנעמער זאָלען זיך נישט פּרואוועז אָפּצושאַפען דעם קאָלעקטיווען אָפּמאַך און אים צו פאַרבייטען מיט דער אינדיווידועלער פאַרהאַנדלונג.

די אָפענסיווע פון קאַפּיטאַל גייט נאָך ווייטער און גיסט זיך אויס אין דער פאָרם פון פשוט'ן אַקטיווען קאַמף, אין פולען זין פון דעם וואָרט. אין אַ גאַנצער ריי לענדער מאָביליזירט דער קאַפּיטאַל זיינע כחות, כדי צו פאַרניכטען די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס דורך פאַרברענען זייערע לאָקאַלען, ערמאָרדען די אַרבייטער־אָנפירער א. אז. וו. דאָס זעען מיר אין שפּאַניען, יוגאָסלאַוויען, רומעניען און איטאַליען. די איטאַליענישע פאַטשיזם — דאָס זיינען ספּעציעלע פאַרבאַנדען, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען נאָך דער מלחמה און וועלכע זיינען געשאַפען מיט'ן ציל צו קעמפען געגען דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער־באַוועגונג. פון די ידיעות וועגען דעם סאָציאַלען צוזאַמענשטעל פון די פאַטשיסטען זעען מיר, אַז אין די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס גייען אַריין בורזשואַזע עלעמענטען, וועלכע האָבען וואָס צו פאַרלירען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. דאָס זיינען פּריצים, ערד־באַזיצער, אונטערנעמער, סטודענטען. ביי די לעצטע סטרייקס האָט זיך דער פאַטשיזם אַרויסגעוויזען פאַר אַ באַוועגונג, וואָס וויל בכלל אַ סוף מאַכען מיט דער אַרבייטער־באַוועגונג; דאָס איז אַ גרויסע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע קראַפט און אַן אָרגאַניזירט סטרייקברעכערטום. אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס האָבען מיר אויך אין שפּאַניען, וואו זיי רופען זיך „סאָמאַטענעס". זייער אַרבייט ברענגט אַ זייער ערנסטען שאָדען פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג: דער נישט לאַנג פאַרעפענטליכטער באַריכט פון דעם ראַט פון דער שפּאַנישער אַרבייטס־קאָנפעדעראַציע אַנטהאַלט דריי שפּאַלטען מיט נעמען פון גע'הרג'עטע.

אין אַנדערע לענדער טראָגען די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס אַ מער פרידליכען כאַראַקטער. זיי שטעלען מיט זיך פאָר אָרגאַניזאַציעס פון סטרייקברעכער, וועלכע פאַרנעמען זיך דערווייל נישט מיט דעם באַוואָפענטען קאַמף. אין ענגלאַנד איז פאַראַן אַ פריוויליגע אָרגאַניזאַציע פון פריערדיגע קריגס־אָנטיילנעמער, וועלכע האָט פאַר אַ ציל צו פאַרטרעטען די סטרייקענדע. בשעת גרויסען, למשל ביים לעצטען קוילען־סטרייק, נעמען זיי אָן מיטלען נישט צו דערלאָזען צו קיין מאַניפעסטאַציעס און צו צעטומלען די אָרגאַניזירטע באַוועגונג. אין בעלגיען האָבען די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס באַקומען דעם נאָמען „בירגער־ליגעס". איינע פון די גרעסטע ענגלישע אונטערנעמער־געזעלשאַפטען האָט באַשלאָסען אַרויסצוגעבען דער בירגער־ליגע אַ סובסידיע פון 10 טויזענט פראַנק אַ חודש. אַזעלכע ליגעס זיינען פאַראַן אויך אין פראַנקרייך. אין דייטשלאַנד איז דאָ אַ „טעכנישע נאָטהילפע", אין וועלכער ס'זיינען אָרגאַניזירט אינזשענירען, טעכניקער, סטודענטען א. אז. וו. זאָל זיך נאָר אָנהייבען אַ סטרייק, באַווייזט זיך באַלד די „טעכנישע נאָטהילפע" און פאַרטרעטעט די אַרבייטער. באַזונדערס באַדייטענד איז די ראָלע פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע בשעת פּאָליטישע מאַסען־סטרייקס.

אַזוי אַרום זעען מיר אַן אָרגאַניזירטען וועלט־אָנגריף פון קאַפּיטאַל. פאַר דעם דאָזיגען איינהייטליכען אַגרעסיווען פראָנט פון דער בורזשואַזיע שטייט דער צעריסענער פראָנט פון פּראָלעטאַריאַט. דערמיט ערקלערט זיך אויך דער זיגרייכער מאַרש פון קאַפּיטאַל.

די טאָג־אויפגאַבע איז די שאַפונג פון איינהייטליכען אַרבייטער־פראָנט.

# זעלבסטמאָרדען אין אַ. ר.

(שלוס פון זייט 5.)

צויזיש־דייטשע קריג פון (1870־1) פאַרקערט די יאָרען 1890־95 זיינען געוועזען אין ענגלאַנד שאַרפע קריזיס־יאָרען און דעריבער האָט זיך דאָס שטייגען שטאַרק פאַרגרעסערט.

אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, וואָס זעלבסטמאָרדען זיינען אין זייער צאָל ניט גלייך ביי אַלע נאַציאָנען, און אָגעל באַווייזט אַפילו, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשיד ביי פעלקער פון פאַרשידענע רעליגיעס, ווי עס ווייזט די פאָלגענדע טאַבעלע:

צווישען די יאָרען 1878־1882

| | | |
|---|---|---|
| זאַקסען — — — — | 302 | זעלבסטמאָרדען יערליך אויף יעדען מיליאָן פון דער באַפעלקערונג |
| דענעמאַרק — — — | 251 | זעלבסטמאָרדען |
| שווייץ — — — — | 239 | " |
| באַדען — — — — | 198 | " |
| ווירטעמבערג — — | 189 | " |
| פראַנקרייך — — — | 180 | " |
| פּרייסען — — — — | 166 | " |
| בעלגיע — — — — | 100 | " |
| שוועדען — — — — | 92 | " |
| ענגלאַנד — — — — | 75 | " |
| נאָרוועגען — — — | 69 | " |
| שאָטלאַנד — — — | 49 | " |
| אירלאַנד— — — — | 17 | " |

דוכט זיך די אירלענדער זיינען אַ היציג פאָלק און שטענדיג פאַרטיג צוצונעמען אַ קלאַפּ, אָבער, צו יעדע 18 זעלבסטמערדער אין זאַקסען איז נאָר פאַראַן איינער אין אירלאַנד. אָגעל ווייזט אויף, אַז ביי פּראָטעסטאַנטען איז די צאָל זעלבסטמאָרדען אַם גרעסטען, ביי די קאַטאָליקען ווייניגער און נאָך ווייניגער ביי אידען. דער זעלבער סטאַטיסטיקער וויל אויך באַווייזען, אַז ביי אומגעבילדעטע מענשען איז די צאָל פון זעלבסטמאָרדען אַ סך קלענער ווי ביי די געבילדעטע. ער שטיצט זיך אויף אַ טאַבעלע, וואו דער פּראָצענט פון זעלבסטמאָרדען איז זייער הויך ביי דאָקטוירים, פאַרמאַצעווטען, אינזשענירען, מיליטער־לייט און אַרטיסטען. מיר דוכט, אַז דאָס איז נאָך ניט קיין פאַקט. עס קען זיין, אַז די אורזאַך ליגט ניט אַזויפיל אין דעם, וואָס זיי זיינען געבילדעטער (מיר האַלטען ווינציג וואָס פון דער בילדונג ביי מיליטער־לייט), נאָר דערפאַר, וואָס פאַר זיי זיינען צוגענגליכער די פאַרשידענע סם־המות'ן און פייער־געווער. אַרטיסטען קומט ווידער. אָפטמאָל אויס „צו נעמען זיך דאָס לעבען אויף דער סצענע" און עס קען זיין, אַז ביי זיי ווירקט שטאַרק דער כח פון אימיטאַציע און סוגעסטיע. טאַקע פון דערזעלבער טאַבעלע ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי גייסטליכע איז זעלבסטמאָרד אַ זעלטענע ערשיינונג. זיי זיינען דאָך אָן צווייפעל געבילדעטע.

די אונטערשטע שורה איז, אַז זעלבסטמאָרד איז הויפּטזעכליך (מיט דער אויסנאַמע פון יאַפּאַנעזער און משוגע־פאַרליבטע) אַ פּראָדוקט פון דער איצטיגער עלענד און נויט. אין אַ גערעכטער און שענערער אָרדענונג, אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וועט אַ מענש ניט זיין ווייט אַזוי אָפט געצוואונגען צו לייגען אויף זיך אַ מערדערישע האַנט.

# דער אידישער איינפלוס אויף דער רענעסאנס

פון ל. לאקסאן

.13

אין 13־טען יארהונדערט האט זיך דורכגעצויגען א פרישער לעבענס־אטעם דורך די פעלקער. אומעטום האט אדורכגעשטראמט א נייע לעבען, וואס האט גערופען די פעלקער צו ווידערבאלעבונג. אומעטום זיינען אויפגעקומען דיכטער, ראמאנצעןזינגער און נאוועליסטען, וואס האבען געשריבען און געזונגען אויף דער לאנדס־שפראך.

ניט אכטענדיג דערויף וואס דער איד איז שוין אין יענער עפאכע געווען געהאסט און פארפאלגט, וואס מ'האט אים געברענט און געבראטען אויף די שייטערהויפען פאר זיין אמונה און, אין בעסטען פאל, האט מען אים נישט מער ווי געדולדעט, האט דער איד דאן געפילט דעם פרישען לעבענס־אטעם, וואס האט דעמאלט זיך דורכגעצויגען, דעם פולס פון א נייעם לעבען. עס וואלט זיכער גאר קיין חידוש ניט געווען, ווען מ'זאל קיין אידען ניט געפינען צווישען די דיכטער און געלערטע פון יענער עפאכע. ניט אזוי איז עס אבער געווען.

אויך דאן האט דער איד געהאט און ליב געהאט זיין פאטערלאנד; עס האט עס טיף אין זיין הארצען געטראגען. אט טאקי דאס איז דאך די גייסטיגע באוועגליכקייט, די געמיטסטיפקייט, וואס איז דעם אידען געאייגענט, אז באלד שלאגט ער טיף אריין זיינע ווארצלען דארט, וואו ער קאן ווי עס איז זיין מידען קאפ אפשפארען און ער נעמט אויף אלץ, וואס דער ארט און די צייט ברענגען ארויס.

אונז וועט ווייניגער איבערראשען, ווען מיר וועלען געפינען אידען־דיכטער אין דעם דאמאלסדיגען אידען־פריינדליכען ארא־ביען. אין דעם 13־טען יארהונדערט זיינען געווען מערערע אידיש־ארабישע דיכטער און געלערטע. אידען האבען אפגעהיט די ארабישע פילאזאפיע, ווען זי איז געווען, אין ענד פון 12־טען יארהונדערט, אין א גרויסער סכנה פארניכט צו ווערען פון דער פאנאטישער ארабישער סעקטע „אשאריטען“. די פילאזאפישע ווערק פון די אראבער און אפילו א גרויסער טייל פון אריסטאטעלס ווערק האבען דערגרייכט די סכאלאסטיקער אין לאטיינישע איבערזעצונגען, וואס זיינען געמאכט געווארען פון העברעאישע איבערזעצונגען. דער קעניג פרידריך דער 2־טער האט געשטיצט די דאזיגע ארבייט פון די אידען. יעקב בן־אבא־מארי־בן־אנאטאלי, וואס האט געלעבט אין נעאפל, שרייבט צום סוף פון זיין איבערזעצונג פון די קאמענטארען פון דעם אראבישען פילאזאף איבן־ראשד, אז ער האט פון קעניג באקומען א פענסיע. די באוואוסטע פילאזאפען־סכאלאסטיקער, ווי אלבערטוס מאגנוס (אבערט דער גרויסער) און סאן טאמא אקווינאט, וועלכער ווערט עד היום באטראכט פאר דעם אפיציעלען פילאזאף פון דעם קאטאליציזם, האבען שטודירט אריסטאטלען אין א לאטיינישער איבערזעצונג, וואס איז געמאכט געווארען פון העברעאיש.

דער דערמאנטער אראבישער פילאזאף איבן־ראשד, וועלכער האט געשריבען קאמענטארען צו אריסטאטלען, אין דער איינענער צייט, בעת מיימאניד (דער רמב"ם) האט געארבייט איבער זיין „מורה נבוכים“, וואלט געבליבען, קאן זיין, גאנץ אומבאוואוסט צו דער קריסטליכער וועלט, ווען זיינע ארבייטען, וועלכע דער רמב"ם האט אזוי געאכט אין די לעצטע יארען פון זיין לעבען, וואלטען ניט אויפגענומען געווארען מיט אזא באוואונדערונג פון די אידען אין שפאניען און פראוואנס, וואו די ראלע פון אידען אין דער וויסענשאפט און ליטעראטור איז געווען גאנץ באדייטענד. דארט האט די אידישע דיכטונג און געלערזאמקייט דערגרייכט די העכסטע אנטוויקלונג. צווישען די אידישע דיכטער פון יענער צייט האט פארנומען א גאנץ אנגעזעהענעם ארט קלונימוס בן קלונימוס, א מענש מיט אן אנטוויקעלטען גוסט, מיט רייכען וויסען, וואס האט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט א דיכטערישען טאלאנט. אין יאר 1328 האט ער פארפאסט א סאטירישען שיר — דער פרובירשטיין. אין יענער צייט זיינען געווען אין איטאליען מערערע אידישע דיכטער און געלערטע, צווישען זיי דער באוואוסטער דיכטער עמנואל פון רוים, דאנטעס א נאענטער פריינד.

אין יאר 1304 האט אין מאנפעליע געלעבט א גרויסער אידישער דאקטאר יעקב בן מאקיר, וועלכער איז אויך געווען באוואוסט אלס פילאזאף און אסטראנאם־מאטעמאטיקער. מיט זיינע אסטראנאמישע באאבאכטונגען האט צולעצט קאפערניק זיך באנוצט פאר זיינע אסטראנאמישע פארשונגען.

דער גרעסטער געלערטער צווישען די אידען פון פראוואנס, וועלכער האט פארטונקעלט אלע זיינע צייטמענשען אלס געלערטער און עקזעגעט (ביבעל־פארשער, ליטעראטור־ערקלערער), איז געווען לעווי בן גרשון (רלב"ג). ער איז אן צווייפעל געווען איינער פון די גרעסטע פעריפאטעטיקער (נאכפאלגער פון דער אריסטאטעלישער פילאזאפיע) פון 14־טען יארהונדערט און דער סאמע דרייסטער פון אלע אידישע פילאזאפען. זיינען ווערק האבען געהאט א גרויסען ערפאלג צווישען זיינע גלויבענסגענאסען. דער רלב"ג איז געווען א גרויסער למדן, א גרויסער מאטעמאטיקער־אסטראנאם, א גרויסער נאטור־פארשער און טעאלאג. איך וויל דא ניט אנווייזען אויף זיינע ספרים, וואס האבען געהאט א ריין אידישע ווערדע, נאר אויף זיינע ארבייטען, וואס האבען געהאט אן איינפלוס אויפ'ן גאנג פון דעם מענשליכען געדאנק בכלל. נעמען מיר זיינע ארבייטען אין אסטראנאמיע. פיקא־דע־מיראנדאלא, א געלערטער פון רענעסאנס, ציטירענדיג עטליכע מאל דעם רלב"ג אין זיינע „דיספוטאציאנעם אין אסטראלאגיאם“, דריקט זיך אזוי אויס וועגען אים (9־טעם בוך, קאפיטעל 8):

> Leo hebraeus, vir insignis et celeber mathematicus, quasi veteribus parum fidens excogitavit novum instrumentum, cujus canones mathematica subtilitate praecelentes.

דאס מיינט: דער איד לעאן, דער בארימטער מאן און דער הערליכער מאטעמאטיקער, האבענדיג ווייניג צוטרוי צו די פארצייטיגע, האט ערפונדען א נייעם אינסטרומענט, די כללים פון וועלכען עס צייכענען זיך אויס מיט מאטעמאטישער פינקטליכקייט. יענער טייל פון דעם רלב"ג'ס ווערק, וואו עס ווערט גערעדט וועגען דעם דערמאנטען ערפונדענעם אינסטרומענט (קאפיטלען 4־11) האט געבילדעט א באזונדערע ארבייט, וואס איז אין יאר 1342 איבערגעזעצט געווארען אויף לאטיין פאר דעם פאפסט קלימענטוס דעם 6־טען. וועגען דער גרויסער באדייטונג, וואס גערשאנידס (רלב"ג'ס) אסטראנאמיש ווערק האט געהאט פאר די ערפאלגען פון דער נייעסטער אסטראנאמיע, קאן מען אורטיילען פון דעם, ווי קעפלער, דער גרויסער אסטראנאם, האט געזוכט צו באקומען דעם דאזיגען ווערק.

דער באוואוסטער אידישער געלערטער, דזשאזעף דזשייקאבס, אין זיין ווערק „דזשואיש קאנטריביושאן טו סיווילייזיישאן“, רעדענדיג וועגען דעם רלב"ג (לעווי בן גרשון) און וועגען זיין מאטעמאטישען אינסטרומענט, שרייבט, אז דעם רלב"ג'ס

אויפטואונגען אין אסטראנאמיע האבען געדינט צום צוועק פון א קוואדראנט אויף צו באשטימען דעם ריכטיגען אויפגאנג פון דער זון און די שטערען, וואס רעגיאמאנטאנוס האט איינגעפירט נאכדעם ווי ער האט געלייענט די לאטיינישע איבערזעצונגען פון גערשאנידס (דעם רלב"ג'ס) ווערק. מיט דעם דאזיגען קוואד־ראנט האבען זיך אויך באנוצט מארטין בעהיין און קאלאמבוס, וואסקא דא גאמא און מאגעלאן, און ער איז אין אלגעמיין באַ־נוצט געווארען פון ים־רייזענדע ביז'ן יאר 1731, בעת העדלי האט איינגעפירט זיין קוואדראנט. אן אנדער קוואדראנט, וואס א איד האט אריינגעבראכט, איז געווען „דער קוואדרוס יודא־איקוס" פון יעקב בן מאקיר, וואס איז געווען א פארבעסערונג אויף דעם אטען קוואדראנט פון ראבערט דעם ענגלענדער.

זייער פיל אסטראנאמישע טאבעלען זיינען צונויפגעשטעלט געווארען פון אידען אין מיטעלאלטער, ווי די בארימטע טאבעלע „אלמאנאך פערפעטום" פון אברהם זאקוטא, וואס קאלאמבוס האט באנוצט אויף זיין עפאכעמאכענדיגער רייזע. דאס הייסט, אז די צוויי הויפט־אינסטרומענטען, וואס מיט זיי האט קא־לאמבוס זיך באנוצט אויפ'ן דעק פון זיין שיף, זיינען געווען פראדוקטען פון דעם אידישען זשעני. דער רלב"ג האט אויך פאלשטענדיג באשריבען אין זיינע ווערק די פרינציפען פון „דער קאמערא אבסקורא" (דזש. קארלעבאך, לעווי בן גרשון אלס מא־טעמאטיקער, בערלין 1910). באנעבן דע לאטוס, וואס איז גע־ווען דער דאקטאר פון פאבסט אלעקסאנדער דעם 6־טען, האט ערפונדען געוויסע אסטראנאמישע רינגען אויף צו באשטימען די ארביטען פון די פלאנעטען. אויף אזא'ן אופן איז די ביי־שטייערונג פון אידען צו דער מיטעלאלטערליכער אסטראנאמיע געווען זייער וויכטיג און די קונסט פון „שיף־פארען איז זיי א סך פארפליכטעט.

צוויי אידישע נעמען וועלען מיר געפינען אין דער קונסט פון מאכען לאנד־קארטעס, — מעציא און קרעסקעס, באזונדערס וויכטיג איז געווען דער לעצטער. אין מאלארקא אין באלעאריק אינזלען, האט געלעבט א מאן, דזשאפודא קרעסקעס, וואס איז געווען באוואוסט אלס „קרעסקעס א דזשוהעאו", וועלכער איז געווען א גרויסער מייסטער אין מאכען לאנד־קארטעס. ער האט געמאכט „די קאטאלאן קארטע", א באוואוסטע לאנד־קארטע, וועלכע איז געשיקט געווארען אלס מתנה פון דעם מאנארך פון אראגאן צו זיין ברודער אין פראנקרייך, אין יאר 1381, און וועלכע עקזיסטירט נאך היינט אין „ביבליאטעק נאציאנאל", אין פראנקרייך. דאס באצייכענט אן עפאכע אין דער אייראפ־עאישער קונסט פון מאכען לאנד־קארטעס, אויף אזוי פיל ווי־פיל די אנטדעקונגען פון מארקא פאלא האבען צוגעגעבען צו דער אלגעמיין אנגענומענער קונסט פון מאכען לאנד־קארטעס. ווען פרינץ הענריך האט אנגעהויבען זיין שיף־פארען אבזערוואַ־טאריום אין סאגרעס, און אויף אזא'ן אופן האט זיך אנגעהויבען די מאדערנע עפאכע פון געאגראפישע אנטדעקונגען, האט ער געשיקט נאך קרעסקעס'ן, ער זאל איננעמען די פארוואלטונג אין יאר 1423.

ניט נאר האבען אידען בייגעטראגען צו דער אסטראנאמיע, מעדיצין און געאגראפיע, נאר אויך צו די פסעוודא־וויסענ־שאפטען, וואס זיינען געווען באליבט אין מיטעלאלטער. אידען זיינען געווען אויפריכטיגע גלויבער אין אסטראלאגיע (שטערענ־זעעריי), (מיט דער אויסנאם פון רמב"ם), און אין אלכעמיע. דער הויפט־מייסטער אין אלכעמיע איז געווען דער איד יעקב אראניקוס. דעם איינפלוס פון קבלה קאן מען זען אין קמיעס און אבראקאדאבראס פון די מיטעלאלטערליכע מאגיקער.

אין 16־טען יארהונדערט האט דער אידישער קבלה ספר, דער „ספר יצירה", געהאט א גרויסע ווירקונג אויף א סך גרויסע קעפ פון יענער צייט. דער גרויסער אוטאפיסטישער קאמוניסט, ריכטער און דענקער, טאמאזא קאמפאנעלא, דער פארפאסער פון דער בארימטער אוטאפיע, — „די שטאט פון דער זון" (ציוויטאס סאלים) איז געווען א קאבאליסט, א גרויסער קענער פון קבלה. בעת ער האט אין דעם דאמיניקאנישען מאנאסטיר אין קאזענץ דערלערנט פילאזאפיע, האט ער זיך באקאנט מיט אן אלטען רב, וועלכער האט אים אנטדעקט די געהיימע וויסענשאפטען — אסטראלאגיע, מאגיע און אלכעמיע, אויך די גרונד־יסודות פון קבלה. קאמפאנעלא איז געווען א פארטיידיגער פון אידען און ער האט זיי געלויבט פאר זייערע פארדינסטען אין דער פילא־זאפיע, וויסענשאפט און האנדעל. ער איז זיי געווען זייער דאנקבאר דערפאר. זיין גאנצע עקאנאמישע ריכטונג, די גאנצע סיסטעמע פון זיין קאמוניסטישער רעפובליק, איז געווען בא־גרינדעט אויף די לערען פון דער קבלה.

ווייניגער פרוכטבאר, ווי לעווי בן גרשון, אבער ניט ווייניג טיפער פעריפאטעטיג, איז משה בן יהושע, פון נארבאנא (1362־1300). ער האט איבערגעלאזט ניט ווייניג ווערק, וואס שטעלען מיט זיך פאר א ווירקליכען אינטערעס פאר דער געשיכטע פון דער פילאזאפיע. אין זיינע קאמענטארען צום רמב"מ'ס מורה נבוכים ווייזט ער ארויס גרויס געלערזאמקייט און א טיפע פאר־שטענדניש אין רמב"מ'ס לערען. פון זיינע זעלבסטשטענדיגע ארבייטען איז זעלבסטשטענדיג זיין טראקטאט וועגען דער נשמה און אירע אייגענשאפטען. דיזען טראקטאט האט ער איבערגע־לאזט פאר זיין זון, אום דאס זאל אים פארבייטען אריסטאטעלס ווערק אין איבן ראשדס ווערק וועגען דעם זעלבינען ענין.

צו משה פון נארבאנא איז די וויסענשאפט פארפליכטעט מיט דעם, וואס ער האט איינגעהיט דעם אינהאלט פון דעם מערקווירדיגסטען און אריגינעלסטען ווערק פון איינעם פון די גרעסטע אראבישע פילאזאפען, וועלכער איז באוואוסט אונטער'ן נאמען איבן באדזשי. דאס דאזיגע ווערק טראגט דעם טיטעל „די אויפפירונג פון אן איינזאמען". צום סוף פון זיין ווערק „וועגען דעם מאטעריעלען פארנונפט", זאגט איבן ראשד וועגען איבן באדזשים ווערק: אין אן אנדער ארט וועלען מיר זיך באמיען אנצוצייגען דעם ציל, וואס דער פארפאסער האט זיך געשטעלט אין דער דאזיגער ארבייט; ווארום ער איז דער איינציגער שריפטשטעלער, וואס רעדט וועגען דעם דאזיגען ענין און האט אין דעם פרט ניט געהאט קיין פארגייער. אבער אין קיינעם פון איבן ראשדס ווערק געפינט מען ניט קיין ידיעות, וועלכע ער זאגט צו מיטצוטיילען וועגען איבן באדזשים דער־מאנטען ווערק. נאר משה פון נארבאנא אין זיין קאמענטאר צו איבן טאפאילס ווערק טיילט ער אונז מיט טייערע איינצעל־הייטען וועגען איבן באדזשים ווערק — איינצעלהייטען, וואס באקאנען אונז פאלשטענדיג מיט די ערהאבענע אידעען, וואס זיינען ארויסגעזאגט געווארען אין דעם דאזיגען מערקווירדיגען, נאר פארלוירענגעגאנגענעם, ווערק.

משה בן יהושע האט אויך פארפאסט קאמענטארען צו ווערק פון פיל גרויסע אראבישע פילאזאפען. זיין סטיל איז א קורצער, אבער אפט זייער טונקעל. זיינע מיינונגען זיינען ניט ווייניגער דרייסט, ווי די מיינונגען פון לעווי בן גרשון, אבער ער זאגט זיי ניט ארויס מיט אזא קלארקייט און פרייהייט ווי דער לעצטער.

עס איז אוממעגליך אין די ראמען פון אן ארטיקעל אנצו־ציינען אויף אלע אידישע דיכטער און געלערטע, וואס האבען א גרויסען חלק אין די אוצרות פון דער רענעסאנס. אבער פון דעם, וואס דא איז אנגעוויזען געווארען, קאן מען זען, ווי גרויס עס איז געווען דער אידישער איינפלוס אין יענער עפאכע, ווי־פיל דער אידישער זשעניע האט בייגעטראגען סיי צו דעם ריין אידישען געדאנק, סיי צו דעם אלגעמיין מענשליכען געדאנק.

עס איז ניטא קיין עפאכע אין דער וועלט־געשיכטע, וואו דער אידישער גייסט זאל זיך ניט אפשפיגלען. נאר די היסטא־ריקער האבען עס בייזווילליג פארשוויגען. און די, וואס האבען ניט פארשוויגען, האבען ווייניג־וואס זיך אפגעשטעלט אויף דעם. און דאס ביסעלע, וואס איז יא דא וועגען די אידישע גייסטיגע אויפטואונגען, וועגען די אידישע גרויסע קעפ פון אמאל, איז באהאלטען בחדרי חדרים און די ברייטע מאסען ווייסען ניט פון דעם. עס וואלט דארום זיין גאנץ כדאי, אז די אידישע ברייטע מאסען זאלען מער וויסען וועגען די גרויסע אידישע קעפ פון אמאל, וועגען זייערע אויפטואונגען לטובה פון אידישען פאלק און פון דער גאנצער מענשהייט.

# פון ברענטש צו ברענטש

פון א. רעפּאָרטער

— גייט! — האָט מיר געזאָגט דער רעדאַקטאָר פון „פריינד“ — אויף די מיטינגען, כאַפּט־אויף די שטימונגען, די געפילען פון אונזערע ברענטשעס, פון אונזערע מיטגלידער, דאָס דאַרף דאָך זיכער זיין אינטערעסאַנט.

געבליבען איז ביי אונז, אַז קליינע ברענטשעס זיינען פונקט אזוי וויכטיג ווי גרויסע, אַז מען דאַרף שענקען פונקט אזויפיל פלאַץ און אויפמערקזאַמקייט צו ריין רוטינע פאַרהאַנדלונגען, ווי צו „וויכטיגע“ פראַגען, ווייל די דאָזיגע אָפּטיילונג איז ניט צו מאַכען אַן איינדרוק פאַר דער דרויסענדיגער וועלט, נאָר צו געבען אַ מער אָדער ווייניגער ריכטיג בילד פון דעם לעבען פון אונזערע ברענטשעס.

עס איז אמת, אַז אריינכאַפּען זיך אויף אַ שעה אנדערהאַלבען צו אַ מיטינג איז ניט גענוג, אַז מען זאָל קענען געבען אַ ריכטיג בילד פון דעם ברענטש, אָבער בלויז אַ קורצע ווײלע איז גענוג, אַז מען זאָל קענען זען דעם כאַראַקטער און די אינטעליגענץ פון ברענטש.

אויב מען וויל אמאָל עפּעס געוואָר ווערען, קען מען דאָך צוגיין צום סעקרעטאַר. אַ סעקרעטאַר וועט דאָך מיט פאַרגעניגען אייך מיטטיילען אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט זיין ברענטש.

און אין צוויי פאַלען בין איך טאַקע צוגעגאַנגען צו די סעקרעטאַרען, אָנגעפרעגט זיי אַ וועלט וועגען זייערע ברענטשעס, און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט איך געזאָלט קריגען פון זיי אויספירליכע ענטפערס.

איך בין, ווי איר שטויסט זיך אליין אָן, אַ איד, און אַ איד, ווי מיר אַלע ווייסען, האָט בטחון. האָב איך טאַקע בטחון, אַז איך וועל נאָך אמאָל קריגען די ענטפערס פון די צוויי סעקרעטאַרען.

אָבער דאָס איז אַ ביי־זאַך.

און נאָך האָט מיר די רעדאַקציע אָנגעזאָגט, אַז דער עיקר דאַרף אין דער אָפּטיילונג זיין ניט דער „וואָס“, נאָר דער „ווי“. דאָס הייסט, אַז עס איז ניט וויכטיג וואָס דער ברענטש באַשליסט, וואָס פאַר אַ שטעלונג ער נעמט אין דער אָדער יענער פראַגע, די גאַנצע געוויכט דאַרף געלייגט ווערען אויף דעם „ווי“, אויף דעם, ווי די פראַגע איז באַהאַנדעלט געוואָרען. אין פּשוט'ע ווערטער מיינט דאָס, אַז אַ געוויסער ברענטש קען אין אַ געוויסער פראַגע נעמען אַ שטעלונג, וואָס איז די זעלבע ווי די פון „פריינד“ און דאָך קריגען דערביי אַ שטורך אין זייט, אויב די פראַגע איז באַהאַנדעלט געוואָרען ניט אינטעליגענט, ניט זאַכליך, און געלויבט קען גאָר ווערען אַזאַ ברענטש, וואָס שטעלט זיך אין אַ געוויסער פראַגע אין דער אָפּאָזיציע צו דער אָפיציעלער שטעלונג פון אַרבייטער רינג, אויב די פראַגע איז נאָר באַהאַנדעלט געוואָרען מיט ווירדע און אינטעליגענץ.

— דאָס דאַרף געטאָן ווערען דערפאַר, — האָט דער רעדאַקטאָר געגומען אריינקלאַפּען אין מיין פויערשען קאָפּ, — ווייל אויסער דעם וואָס אַ ברענטש מעג ניט זיין איינשטימיג מיט דער עקזעקוטיווע, איז דאָס וויכטיגסטע ניט דער באַשלוס, נאָר די אָרט ווי מען האָט דעם באַשלוס אָנגענומען. איר ווייסט דאָך, אַז אַ סך זאַכען ווערען אָנגענומען בלויז דערפאַר, וואָס אימיצער הייסט, ווי אַ סך ווערען פאַרוואָרפען, ווייל עמיצען געפעלט עס ניט.

— איר ווילט, הייסט דאָס, — האָב איך געענטפערט, — אַז די ברענטשעס זאָלען זיך ניט פירען, ווי אַ כשר אידיש קינד, וואָס דאַרף טאָן וואָס „גוטע פרומע לייט ראַטען אים“, נאָר לויט זיין פאַרשטאַנד. נאָר אויב מען איז ניט „אָווערסטאַקט“ מיט דעם אַרטיקעל, איז ניט בעסער צו פאָלגען טאַקע אַ קלוגע עצה?...

— גייט שוין, גייט! — האָט זיך דער רעדאַקטאָר צעלאַכט. — גוד ביי! — גוד ביי!

* * *

איך בין אריינגעפאַלען אין אַן אָנגעפּאַקטען לאָקאַל. די שטימונג איז געווען זייער אַ געהויבענע, אַ יום־טוב'דיגע, עס האָט זיך געפילט אַ זיכערקייט אין זיך, אַ גלויבען. איך בין גלייך געוואָר געוואָרען, אַז איך געפין זיך אין ווילנער בר. 43 און אַז היינט איז דער לעצטער מיטינג פאַר אַ גרויסען יום־טוב, וואָס דאַרף פאָרקומען אין אייניגע טעג אַרום. דער יום־טוב איז לכבוד דעם 20־יעריגען יובילעאום פון ברענטש.

עס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פאַרשידענע באַריכטען וועגען דער פייערונג. אין די אַלע באַריכטען הערט זיך דער טאָן פון אַ יוסטען באַלעבאָס, וואָס ווייסט זיין ווערט, וואָס קוקט מיט שטאָלץ אויף זיין פאַרגאַנגענהייט און פול מיט גלויבען אין דער צוקונפט. קאָמיטעס גיבען איבער, אַז די פייערונג וועט אַנהאַלטען גאַנצע צוויי טעג, און איר האָט דאָס געפיל, אַז איינגעריכט איז די פייערונג געוואָרען אויף דעם בעסטען אַרט. ווי איר גלויבט, אַז דער סואווענירַ. וואָס ווערט אַרויסגעגעבען. וועט פאַרשאַפען כבוד דעם ברענטש.

געגרינדעט איז בר. 43 געוואָרען מיט צוואַנציג יאָר צוריק אַלס ווילנער רעוואָלוציאָנערער פאַראיין, וואָס זיין אויסשליסליכער ציל איז געווען צו שטיצען דעם „בונד“. דאָס איז געווען דער ערשטער בונדיסטישער פאַראיין אין אַמעריקע. גלייך נאָך דעם האָבען דאָ ווי שוואָמען אָנגעהויבען וואַקסען בונדיסטישע פאַראיינען; און ווען אין אַנדערהאַלבען יאָר אַרום איז דער ווילנער רעוואָלוציאָנערער פאַראיין אריין אין אַרבייטער רינג אַלס בר. 43, איז זיין ביישפיל נאָכגעטאָן געוואָרען פון די איבעריגע בונדיסטישע פאַראיינען.

צווישען די גרויסע סומען, מיט וועלכע דער ברענטש האָט געשטיצט די אידען פון רוסלאַנד, זאָל דאָ דערמאָנט ווערען, אַז ווען עס האָט זיך גענומען גרינדען די זעלבסטשוץ, איז בר. 43 געווען דער ערשטער וואָס האָט געשטיצט די באַוועגונג מיט 800 דאָלאַר — אַ סומע, וואָס איז אפילו איצט אַ גרויסע פאַר אַן איינציגען ברענטש, ווער רעדט נאָך פון דעמאָלט.

דעם אָווענט, ווען איך בין געווען אין בר. 43, איז געווען שטרייך־אָווענט. עס איז אָנגעקומען אַ בריף פון אַ מיטגליד, אַז ער איז אין אַ געדריקטער לאַגע און קען ניט באַצאָלען דעם ביל. איך האָב געפרעגט אַ טוער פון ברענטש, וואָס מען טוט אין אַזאַ פאַל. „וואָס הייסט וואָס? — האָט ער מיך איבערגעפרעגט. — זייט זיכער, אַז מען וועט אים ניט שטרייכען. מיר האַלטען ניט פון אַרויסוואַרפען מעמבערס. איז אַ מיטגליד קראַנק, צאָלט דער ברענטש זיין ביל, און איז ער בלויז אין אַ געדריקטער לאַגע, גיט מען זיך אויך אַן עצה. מען שטרייכט ניט ביי אונז קיין מעמבערס פאַר אַזוינע זאַכען.“

בכלל זאָרגט דער ברענטש פאַר זיינע מיטגלידער. אין איין יאָר צייט זיינען פינף נויטליידענדע מיטגלידער פון ברענטש געשטיצט געוואָרען מיט 23 הונדערט דאָלאַר, און עס זיינען איצט דאָ אין ברענטש 8 מיטגלידער, וואָס זיינען אין אַ גוטער עקאָנאָמישער לאַגע אַ דאַנק דעם, וואָס דער ברענטש האָט זיי אויסגעשטרעקט אַ ברידערליכע האַנט אין אַ צייט פון נויט און פאַרצווייפלונג.

איך האָב באַשלאָסען צו טראַנספערירען זיך אין בר. 43.

* * *

אַפּנים אַז בר. 43 האָט ניט דעם מאָנאָפּאָל אויף העלפען זיינע מיטגלידער אין אַ צייט פון נויט. ווי עס זעט אויס, איז

עס אַ געוויינליכע ערשיינונג אין די ברענטשעס פון ארבייטער רינג, ווארים איך האָב דאָס זעלבע באמערקט אין בר. 210, וואָס איך האָב באזוכט נאָך בר. 43. און אויב עס איז אזוי, טראנספעריר איך זיך שוין ניט אין בר. 43, ווייל מיט וואָס איז דער ברענטש בעסער פון אנדערע, און באלאנגען אין אַ דריי־פיר הונדערט ברענטשעס איז אביסעל צו שווער פאר מיר. אויב אָבער איך מאך אַ טעות און אַ סך ברענטשעס קערען זיך אום מיט דער פלייצע צו זייערע נויטליידענדע מיטגלידער, וואָלטען מיר געוועזן זייער דאנקבאר, ווען די סעקרעטארען פון אזוינע ברענטשעס זאָלען עס אונז לאָזען וויסען. מיר וועלען זיכער ניט פארפעלען צו געבען די דאָזיגע ברענטשעס די געהעריגע אנערקענונג פאר אזוינע נאָבעלע טאטען.

ווען איך בין אָנגקומען אין בר. 210 האָט זיך געהאנדעלט וועגען אַ מיטגליד, וואָס האָט שוין צוויי קווארטאלען ניט געצאָלט זיין ביל. איינהערענדיג זיך צו די רייד, בין איך געוואָר געוואָרען, אַז אויסער דעם איז דער זעלבער מיטגליד שולדיג דעם ברענטש 200 דאָלאר, וואָס מען האָט אים געליען אין אַ שווערער צייט אויף אַ „נאָוט". און כאָטש דער „נאָוט" איז אינדאָרסירט געוואָרען פון צוויי מענשען, ביי וועלכע מען קען גלייך איינמאָנען דאָס געלט, האָט דאָך דער ברענטש פאָרגעלייגט יענעם מיטגליד, אַז ער זאָל אָפּצאָלען דעם חוב צו 10 דאָלאר אַ קווארטאל. איינמאָל האָט ער איינגעצאָלט און מער הערט מען ניט פון אים. די גאנצע אומצופרידענהייט מיט יענעם מיטגליד איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס ער לאָזט פון זיך ניט הערען; איין איינציג וואָרט פון אים, אַז ער קען איצט ניט צאָלען, וואָלט די זאך געשליכטעט.

דערנאָך איז פאָרגעלעזען געוואָרען אַ צושריפט פון דער פאַנאַנדערגעלאָזענער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע, און אין דער שעה צייט, וואָס די דאָזיגע פראַגע איז דיסקוטירט געוואָרען, איז ארויסגעוויזען געוואָרען אַזויפיל אינטעליגענץ און פארשטענדניש, אַזויפיל לאָיאַליטעט צו דער אָרגאַניזאַציע, אַז יעדע אָרגאַניזאַציע מעג שטאָלצירען אויב זי האָט צווישען זיך אַזוינע ברענטשעס. אין ברענטש זיינען דאָ רעכטע און לינקע, מען האָט ניט מורא צו זאָגען אַ שאַרף וואָרט, און אַמאָל אַ טרעפענדע באַמערקונג; אָבער אין דעם אַלעמען פילט זיך אַ טרייקייט צו דער אָרגאַניזאַציע. אַ רעכטער, וואָס מאַכט אַ פּאָר ניט גאָר פיינע קאָמפּלימענטען וועגען די לינקע, אָבער וועלכע ער ציט גלייך צוריק, זאָגט, אַז מען דאַרף נעמען אַ שטעלונג געגען דער עקזעקוטיווע אויב עס איז אמת, אַז זי האָט ניט געוואָלט אינסטאַלירען דעם „פרייהייט" ברענטש אין באָסטאָן בלויז דערפאַר, וואָס די מיטגלידער זיינען לינקע, און ער פאָדערט דערפאַר אויף, אַז מען זאָל זיך ווענדען גלייך צו דער נאַצ. עקזעקוטיווע און זי בעטען אַן ערקלערונג וועגען דעם גאַנצען ענין. אַ לינקער איז גראָד געגען דעם. ער איז דערפאַר, אַז מען זאָל די פראַגע אָפּלייגען אויף דעם קומענדען מיטינג. ער מאָטיווירט זיין פאָרשלאָג דערמיט, וואָס ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער איז געגען דער האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע, איז ער אָבער נאָך מער געגען דעם, אַז דער ברענטש זאָל זיך איצט ווענדען צו דער עקז. נאָך אַן ערקלערונג. אַזאַ האַנדלונג וואָלט אויסגעטייטשט געוואָרען, אַז דער ברענטש שטעלט זיך שוין אויף דער זייט פון באָסטאָן, און דאָס איז ניט אמת. ער האַלט, אַז מען דאַרף צו־וואַרטען אַ קורצע צייט ביז די עקז. וועט אַ ל י י ן מאַכען אַן ערקלערונג.

הערענדיג די אַלע דעבאַטען, האָב איך געפילט, אַז מיט אַזוינע ברענטשעס איז ווערט אַפילו צו פאַרלירען.

אָבער איין זאַך איז מיר געוואָרען אומפאַרשטענדליך, און אומפאַרשטענדליכער איז עס מיר נאָך מער געוואָרען, ווען איך האָב געזען, אַז דאָס זעלבע קומט פאָר אויך אין בר. 146, וואו עס איז אויך באַהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דער אויפגעלייזטער באָסטאָנער דיסטריקט־אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. אין די ביידע ברענטשעס איז גערעדט געוואָרען וועגען בעטען אַן ערקלערונג פון דער נאַצ. עקז. אין ביידע ברענטשעס איז דערמאָנט געוואָרען, אַז די עקז. האָט שוין געהאַט אין דער פרעסע אַזאַ ערקלערונג, אָבער קיין איינציגער מיטגליד האָט ניט געהאַט געלעזען די ערקלערונג. אמת, דער „פריינד", וואו עס געפינט זיך אויך אַן ערקלערונג וועגען דעם, איז נאָך צו יענער צייט ניט געווען ביי די מיטגלידער, אָבער מיטגלידער וואָס זיינען אַזוי טריי זייער אָרגאַניזאַציע האָבען געמעגט לעזען אַן ערקלערונג פון זייער עקזעקוטיווע, באַזונדערס נאָך ווען זיי האָבען געזען אַזאַ ערקלערונג.

* * *

שטיל און רואיג.

דער האָספּיטעלער ערקלערט, וואָס ער האָט צו ערקלערען. דער דעלעגאַט צו דער „האיאס" קאָנפערענץ ערקלערט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער קאָנפערענץ, אַלץ גייט אַזוי ווי געשמירט, געלאָסען. מיינע אויגען מאַכען זיך צו און מיר הייבט זיך אָן חלומ'ן אַז איך בין אין גן־עדן.

אַ באַקאַנטער האָט מיך באַמערקט און איז צו מיר צוגעקומען. איך זאָג אים וואָס מיין צוועק איז. — ביי אונז וועט איר פון די אַלע זאַכען ניט געפינען — גיט ער מיר צו פאַרשטיין — און באַזונדערס ניט היינט, היינט איז בלויז רוטינע. ער ראָט מיר, אַריינצוגיין אין דעם צווייטען צימער, וואו עס מיטעט אַ צווייטער ברענטש. דאָרט, זאָגט ער, וועל איך זיכער האָבען גענוג שטאָף. איך פאָלג אים, ווייל מיר רייצען שוין פון לאַנג די אויפגערעגטע קולות, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון דעם צווייטען צימער.

איך גיי ארויס. זייענדיג שוין אין צווייטען לאָקאַל, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ווען דער דעלעגאַט צו דער האיאס קאָנפערענץ האָט איבערגעגעבען, אַז עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַ טעקס פון 15 אָדער 25 סענט, האָט זיך אויפגעשטעלט אַ מיטגליד און געפרעגט: וואָס הייסט 15 אָדער 25? מען דאַרף דאָך פריער באַשטימען צי מען איז איינגאַנצען פאַר דעם טעקס!

און מיך האָט אַ לאַנגע צייט געוואונדערט, וואָס אַ מיטגליד פון בר. 1 ווייסט ניט, אַז דאָס איז אייגענטליך די ערשטע פראַגע, אויף וואָס די מיטגלידער וועלען ענטפערען.

* * *

ארויסגייענדיג פון ביאַליסטאָקער בר. 88, וואו עס איז באַהאַנדעלט געוואָרען דער צושריפט פון אַ גרופּע ברענטשעס אַנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ וועגען דער רוסישער אינדאַסטריעל קאָרפּאָריישאָן, האָב איך געפילט, ווי איך וואָלט ארויס פון אַ פּאַרטשאַדעטען צימער. אַזויפיל רייד, אַזויפיל גערעדט און גאָרנישט ניש געזאָגט. איך האָב אָנגעהויבען טראַכטען, אַז אפשר איז ניט רעכט צו אורטיילען אַ מענשען לויט זיינע רייד, נאָר מען דאַרף פּרואווען זען, וואָס שטייט הינטער די רייד; וואָס האָט אים געצוואונגען דאָס צו זאָגען, ווייל נאָך אַלעמען איז רעדען אַ קונסט, און ניט יעדער איז באַשאָנקען דערמיט. די מערהייט פון ברענטש איז געווען געגען באַטייליגען זיך אין דער געפּלאַנטער קאָנפערענץ. אָבער, גאָט מיינער, די אַרגומענטען! קיין איין קלוגער אַרגומענט איז ניט ארויסגעבראַכט געוואָרען פון ביידע צדדים. איך ברענג זיי ניט צוליב דעם איינציגען צוועק, ווייל איך גלויב, אַז די מיטגלידער פון בר. 88 זיינען זיכער פיל אינטעליגענטער פון די אַרגומענטען, וואָס זיי האָבען געבראַכט. אַ געזונטער קערן איז געלעגען אפשר אין דעם ענטפער פון די געגנער פון דער קאָנפערענץ. „מען דאַרף ניט מיטגעריסען ווערען מיט יעדען געשריי פון הילף פאַר רוסלאַנד! מען דאַרף פריער אונטערזוכען דעם גאַנצען ענין איידער מען באַשטימט וואָס צו טאָן." היינט עפענט די אַמאַלגאַמייטעד פאַבריקען אין רוסלאַנד צו מאַכען מענערשע הויזען, און מאָרגען קען איינפאַלען דער אינטערנעשאָנאַל צו מאַכען ווייבערשע קליידלאַך, איבערמאָרגען וועט זיך אויפהייבען אַ געשריי וועגען שיך, אונטערוועש. מען איז שוין איבערגעוואַקסען די רוסישע היסטעריע. נאָר אויב דער צד האָט ארויסגעבראַכט אָט דעם אמת'ן געדאַנק, דאַרפען אויך אויף זיין קרעדיט צוגעשריבען ווערען די גרעסטע נאַרישקייטען, וואָס זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרען יענעם אָוונט.

איך וועל ניט זיין גערעכט צו בר. 88 אויב איך וועל ניט

# גערהאַרד האַופטמאַן

**צו זיין 60-יעריגען געבורטסטאג (1862—1922)**

פון ל. פאַגעלמאַן

אין גיכען ווערט זעכציג יאָר זייט אין זאַלצברון, אין א סילעזישער שטעטעל פון דייטשלאנד, איז געבאָרען געוואָרען איינער פון די גרעסטע דייטשע שרייבער, וועמעס נאָמען איז שוין לאנג אריבערגעטראָגען געוואָרען איבער די גרעניצען פון איין לאנד און געוואָרען פארשפרייט איבער דער גאנצער קולטורעלער וועלט.

אָט דער נאָמען — האאופטמאן — איז באזונדער מזל'דיג.

שוין פון די ערשטע ליטעראַרישע טריט, נאָך אלס 27-יעריגער יונגערמאן, האָט האאופטמאן זיך באוואוסט געמאכט מיט זיין דראמע „פאר דעם זונענאויפגאנג“, און פון דאמאָלסט אָן, נאָך יעדען נייעם ווערק זיינעם, וואקסט זיין ערפאָלג אזוי, אז אין פארלויף פון עטליכע יאָר ווערט ער בארימט אלס איינער פון די בעסטע דייטשע דראמאטורגען און אין גיכען אלס איינער פון די גרעסטע אלוועלטליכע שרייבער.

דער דאָזיגער ערפאָלג איז ניט נאָר א מזל־זאך, ניט קיין צופעליגע גליקליכע ערשיינונג: האאופטמאן האָט כשר פארדינט זיין לאָרבער־קראנץ א דאנק זיין רייכען פרוכטבארען טאלאנט. פאר אונז ליגען שוין זיינע צענדליגע דראמען, וואָס זיינען געשפּילט געוואָרען אין די גרעסטע טעאַטרען פון דער וועלט, וואָס זיינען אריינגעגאנגען אין דעם בעסטען רעפּערטואר אינאיינעם מיט די קלאסישע ווערק פון שעקספּיר, איבסען, זודערמאן, מעטערלינק . . .

אויב מיר האלטען זיין נאָמען פאר א מזל'דיגען, מייגען מיר דערמיט אונטערצושטרייכען, אז האאופּטמאן האָט אויסער זיין טאלאנט געהאט אויך א באזונדער גליק צו די אומשטענדען, צו דער סביבה, וואָס האָבען אים ארומגערינגעלט פון קינדוויז אויף, און וואָס האָבען געהאָלפען צו אנטוויקלען זיינע פּעאינקייטען.

וויפיל קומט אוים יעדען טאלאנט אריבערצוטראָגען אין לעבען, ביז וואנען ער ברעכט דורך זיין וועג, ביז וואנען ער קען זיך לאָזען הערען און באמערקען! וויפיל טאלאנטען גייען פארפאלען, פארלירענדיג זיך אויף דעם שטיינערנעם וועג!

ווער רעדט שוין וועגען שוואכע, וועגען באשיידענע טאלאנטען: זיי בלייבען אָפטמאָל אין מיטען, אין אָנהייב וועג, מיט אונטערגעשוירענע פליגלען. נאָר אפילו די גאָר גרויסע אויך. ניט אלע, אפילו פון די גאָט־געבענשטע, קענען פאנאנדערלאָזען ברייט זייערע אָדלערישע פליגלען און ארויפשוועבען אין דער הייך . . .

האאופטמאן איז געוועזן איינער פון די גליקליכע, וועמען די אומשטענדען האָבען געהאָלפען פאנאנדערצולאָזען זיינע פליגלען און מיט קיין זאך ניט געשטערט זיין הויך פליען.

זיינע עלטערן, פארמעגליכע דייטשע האָטעל־קיפּערס, האָבען פאר זייער זון ניט געשפּאָרט קיין מיטלען צו געבען אים די בעסטע ערציאונג און בילדונג, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט. טאָמער זיינען שפּעטער די געשעפטען ביי זיין פאָטער אביסעל ערגער געוואָרען, איז געקומען גלייך צו הילף זיין פעטער, וועלכער האָט אים ניט נאָר געגעבען מיטלען צו א גאנץ רייכען לעבען, נאָר געגעבען אים די מעגליכקייט אפילו ארומצורייזען אין פרעמדע לענדער.

מ'קען ניט זאָגען, אז האאופטמאן איז געווען א גרויסער מתמיד אין לערנען. זעענדיג, אז ער האָט קיין גרויסען חשק ניט צו זיינע למודים, האָבען אים זיינע עלטערן געוואָלט מאכען פאר אן אגראָנאָם, און אוועקגעשיקט צו איינעם פון זיינע פעטערס, וואָס איז געווען א פארמער. אָבער פארמעריי האָט ניט געקענט באפרידיגען דעם גייסט פון יונגען האאופטמאן. אים האָט געצויגען צו עפּעס אנדערש.

ער פארנעמט זיך מיט מאלעריי, קומט אָן אין א קינסטלער־שולע אין ברעסלאוול, ווערט פון דאָרטען פאר עפּעס אויסגעשלאָסען, כאפּט זיך מיט באגייסטערונג פאר נאטור־וויסענשאפט, ווארפט אויך דאָס אוועק, פאָרט אוועק אין רוים, אין דער שטאָט פון קינסטלער, נעמט זיך מיט א היץ פאר סקולפּטור, ווערט אויך צו דעם אָפּגעקילט, און זוכט ווייטער זיין וועג צו דער שיינהייט, וואָס האָט אים גערופען און געצויגען צו זיך פון ווייטען און וועלכע ער האָט ניט געקענט געפינען אזוי גרינג . . .

אין יענער צייט האָט ער חתונה און זיין פאמיליען־לעבען ווערט ניט קיין צאם פאר זיינע שטרעבונגען און זוכעניש; פארקערט, זי העלפט אים צו געפינען זיין ציל. א דאנק זיין פארמעגליכער פרוי ווארפט ער אראָפּ פון זיך אינגאנצען יעדע

---

דערמאָנען א באמערקונג פון די אָנהענגער פון דער קאָנפערענץ, געגען דעם פאָרוואורף פון די געגנער, אז וואָס מאכט מען עפּעס אזא וועזען מיט רוסלאנד, בשעת עסטרייך איז אין אן ערגערער לאגע. דער ענטפער איז געווען, אז עס איז דערפאר, וואָס רוסלאנד איז אונז נענטער, וואָס מען העלפט גיכער דעם, וואָס איז אונז נאָענט, ווי דעם, וואָס נייטיגט זיך מער, מיר גיבען אן ארימאן א פּעני און פאר דעם סאָציאליסטישען קאמפּיין — דאָלארס.

* * *

אין א געוויסען אָוונט איז אין א געוויסער גאס פון א געוויסער שטאָט אָפּגעהאלטען געוואָרען א מיטינג פון א געוויסען ברענטש. דאָס איז געווען בימי הרעפערענדום. עס איז אויפגענומען געוואָרען די פראגע פון שטיצען דעם „בונד“. א מיטגליד האָט גערעדט דערפאר. אין מיטען האָט זיך דערהערט א קלאפּ אין טיש: אין א צווייטען ווינקעל פון צימער איז געשטאנען א צווייטער מיטגליד און א בלייכער ווי די וואנט האָט ער ציטערנדיג די ווערטער געשריען:

— מיר וועלען ניט לאָזען אריינשלעפּען דעם ארבייטער רינג אין אן אינטריגע געגען רוסלאנד! וואָס פאר א נייעם בונט גייט איר דאָס שטיצען! איר מעגט באַשליסען וואָס איר ווילט, אָבער איך פארזיכער אייך, אז דער נייער בונט, וואָס איר גייט שטיצען, וועט האָבען דעם זעלבען סוף, וואָס די בונטען פון די דעניקינס, קאָלטשאקס און די איבעריגע לומפּען.

אָט אזוי האָט א טרייער מיטגליד פון א. ר. פארהיט זיין אָרגאניזאציע פון אריינגעשלעפּט צו ווערען אין אן אינטריגע געגען ראטען־רוסלאנד.

* * *

ארום 4 טויזענט קינדער גייען איצט אין די שולען פון ארב. רינג. שולען האָט דער ארבייטער רינג איצט איבער'ן לאנד ארום 60. עס עפענען זיך נאָך א פּאָר נייע. עס האָט זיך שוין געעפענט א נייע שולע אין הארלעם און איינע דאונטאון.

אין די עקזיסטירענדע שולען זיינען געעפענט געוואָרען נייע קלאסען. די לערער־קורסען זיינען פארלענגערט געוואָרען אויף צוויי יאָר.

דער בודזשעט פון אלע ארבייטער רינג שולען איבער'ן לאנד באטרעפט ארום א פערטעל מיליאָן דאָלאר.

דאגה וועגען לעבענסמיטלען, גייט אוועק אינגאנצען פון די גרויע וואכעדיגע קליינינקייטען אין דער וועלט פון קינסטלערישער שאפונג און זוכעניש. אין אן אייגענער פראכטפולער ווילע, ארומגערינגעלט מיט הויכע הערליכע בערג, האט זיך באזעצט האאופטמאן מיט זיין פרוי, גאנץ איינזאם, ווייט פון שטאטישען טומעל, און האט זיך איבערגעגעבען זיין ליטעראַרישער ארבייט.

יעדע נייע דראמע, וואס האאופטמאן האט געשטעלט אין טעאטער, פלעגט ארויסרופען א גאנצען שטורעם. מען איז געווארען אזוי באגייסטערט פון זייגע פיעסען, אז אין ניכען האט מען אים אנגעהויבען פארגלייכען מיט איבסען און שעקספיר. זיינע הייסע אנהענגער האבען אים אפילו געקרוינט פאר דעם „דייטשען שעקספיר“ און געוואלט בויען א ספּעציעלען „האאופטמאן־טעאטער“. וועגען אים איז שוין געשאפען געווארען א גאנצע ליטעראטור, וואס פארנעמט זיך מיט ערקלערען, שטודירען און פּאפּולאריזירען זיינע ווערק. גלייכצייטיג פעלען ניט אויך געגנער, וועלכע שטרייכען אונטער זיינע שוואכע זייטען פארמינדערען זיין באדייטונג און עס זיינען דא אפילו אזעלכע, וואס האלטען, אז נאך אייניגע זיינע געלונגענע דראַמאן, האט שוין האאופטמאן אויסגעשעפּט זיין שעפערישען קוואל און אז אלע זיינע איבעריגע געורק זיינען ניט ווערט זיין ערוואַרבענעם נאמען . . .

און אזוי רודערט זיך דאס ארום זיין נאמען, און דאס אליין באווייזט, אז האאופטמאן איז אן אמת'ער טאלאנט, וועלכען ניט אלע ווילען און קענען פארשטיין אין זיין ריכטיגען שייז.

ניט די היציגע לויב־געזאנגען, ניט די שטעכיגע קאלטע קריטיק קענען פארשטעלען די אמת'ע גרויס פון האאופטמאנס טאלאנט.

די צרה איז, וואס אין האאופטמאנען האט מען אפט געזוכט ניט דאס, וואס מען האט געדארפט, און ניט דאס, וואס מען האט אין אים געקענט געפינען. האאופטמאנען האבען אייניגע געוואלט מאכען פאר א פאן־טרעגער, פאר א וועגווייזער. אנדערע האבען אין אים געזוכט א טיפען דענקער, א פילאזאף, וואס קען געבען אן ענטפער אויף די ווייטאגדיגע און אייביגע פראגען. די דריטע האבען אין אים געזען א טרעגער פון א נייער ס א צ י א ל ע ר דראמע. מיט איין ווארט, יעדערער איז צוגעגאנגען צו האאופטמאנען מיט זיין אייגענער מאס, מיט זיינע אייגענע פאדערונגען, און דעריבער איז ער אפט ערשינען אין א פאלשער ליכט. דעריבער איז אפט געווען אי אנטציקונג אי אנטוישונג, אבער זעלטען א ריכטיגע אפשאצונג.

האאופטמאן איז אייגענטליך ניט קיין פירער, ניט קיין לערער און ניט קיין באזונדער טיפער דענקער. ניט מיט זיין נייעם א מ ת און ניט מיט זיין טיפער פילאזאפיע האט ער זיך שוין כמעט צו 40 יאר געשאפען אזא אומגעהייערע בארימטקייט.

פון אלע זיינע צענדליגער דראמען, וואס האבען געוויינליך א פארשידענעם ווערט, האבען אים געשאפען דעם גרעסטען ערפאלג איבערהויפט די פאלגענדע: פאר דעם זונענאויפגאנג, איינזאמע מענשען, דער פארזונקענער גלאק, די וועבער, חבר קראמפטאן, האנעלע, דער בעל־עגלה הענטשעל . . .

מיט וואס האבען זיי געוועקט אזא גרויסען אינטערעס צו זיך?

הויפטזעכליך דערמיט, ווייל האאופטמאן איז געשטאנען אויף דער הייך פון זיין צייט און אין אפקלאנג מיט אירע אידעען און פראגען. ער, מיט זיין איינדרוקספולער קינסטלערישער נאטור, איז געווען איבערפולט מיט די ווייעגישען און אומרואיגע שטימונגען פון דער עפאכע, אין וועלכער ער האט געלעבט, און אין זיינע דראמען האט ער שטענדיג געגעבען אן אפשפיגלונג פון אט די שטימונגען און פראגען; ניט אלע מאל געענטפערט אויף זיי, ניט אלע מאל פארטיפט זיי, אבער שטענדיג דורך זיינע לעבעדיגע, וואונדערבאר נ א ט ו ר א ל י ס ט י ש ע געשטאלטען, קינסטלעריש אפגערופען זיך אויף די ארומיגע קלאנגען פון לעבען.

אין דעם זין זיינען זיינע דראמען ס א צ י א ל ע דראמען. צוליב דעם האבען זיי ארויסגערופען אזא פארשארפטע אויפמערקזאמקייט און אזא ליידענשאפטליכע באציאונג אין זייער אפשאצונג.

אט שילדערט ער אין זיין דראמע „פאר דעם זונענאויפגאנג“ מיט די שווארצסטע פארבען א טראגיש בילד פון א בורזשואזען פאמיליען־לעבען, וואו דער מאן איז א שכור, א געפאלענער מענש, וואס איז ענליך צו א חיה, די פרוי — אן אויסגעלאסענע, א ציניש‏ע און א פרעכע, די עלטערע טאכטער טרינקט אויך, ווי איר פאטער, איר מאן — א נידעריגער אויסוואורף, א קאלטער עגאאיסט, — אלע פירען זיי א פינסטערען חזיר'שען לעבען. אט אין דער „שיינער געזעלשאפט“ לעבט א יונג אומשולדיג מיידעל מיט א הארץ, וואס איז נאך פעאיג צו מענשליכע העכערע געפילען, וואס זוכט ליבע און פיליכט אידעאליסטישע ארבייט פאר'ן כלל. אט טרעפט זי זיך מיט א פאסענדען מענשען, וואס איז, דאכט זיך, נאענט צו אירע אידעאלען, וואס פירט „א קאמף פאר'ן גליק פון דער גאנצער מענשהייט“, ווי ער ערקלערט איר אליין. זי קריגט אים ליב, נאר איר געליבטער, דערוויסענדיג זיך וועגען די פיינע מעלות פון איר געזינדעל, וועגען שכור'ן פאטער אירען, וועגען דער צעלאזענער מוטער, מאכט פליטה, לויפט אוועק ראטעווען די מענשהייט, איבערלאזענדיג זיין כלה אין א שרעקליכען צושטאנד. און דעם צעפוילטען לעבען שילדערט האאופטמאן מיט אזא בולט'ער נאקעטקייט, מיט אזא אפענער נאענטקייט צו דער ווירקליכקייט, אז ער רופט ארויס א שטורעם אין דער דייטשער באלעבאטישער פארמאסקירטער געזעלשאפט.

אט האט איר פאר זיך א בילד פון א פיינליכער איינזאמקייט, פון א שרעקליכער עלענדקייט אין דער דראמע „די איינזאמע מענשען“. דעם יונגען געלערטען יאהאן פאקעראט איז פרעמד זיין סביבה, וואו אים קומט אויס צו ארבייטען און לעבען. אנשטאט דער נייטיגער ווארימקייט און ליבע געפינט ער ביי זיין פרוי און קרובים פרעמדקייט און ווייטקייט פון זיין נשמה. און געפינט ער שוין יא א נאענטען מענשען אין דער פרוי אננא מאר, מוז ער אונטער'ן דרוק פון די אומשטענדען פאנאנדערגיין זיך מיט איר. ער האלט דאס ניט אויס און ווארפט זיך אריין פון יאוש אין טייך . . . דער מאטיוו פון איינזאמקייט איז ניט ניי: פיל קינסטלער האבען אים שוין באארבייט. מיר געפינען אים ביי געטען, ביי בייראן, ביי מיוסע, ביי לערמאנטאווען און באלמאנטען, ביי יעדערען אויף אן אנדער אופן.

נאר דא איז אינטערעסאנט די ווירקונג פון דער סביבה, די אטמאספערע, וואס שאפט אזא גייסטיגע איינזאמקייט.

דער זעלבער מאטיוו — דער צוזאמענשטויס פון דער פערזענליכקייט מיט דער סביבה — איז אויך אין דער אנדער דראמע, „חבר קראמפטאן“. אויך דא האלט דער העלד אין קאמף מיט דער ארומיגער ווירקליכקייט, כאטש דער סוף איז ניט אזוי טראגיש, ווי אין די „איינזאמע מענשען“, כאטש דא שמייכעלט האאופטמאן אליין צו, שילדערענדיג זיין העלד . . .

נאר אט שטעלט אוועק האאופטמאן אין זיינע „וועבער“ די סאציאלע פראגע אין איר אינווייניגסטען טראגישען אינהאלט. ער נעמט גאנצע קלאסען פאר העלדען פון זיין דראמע. עס פירען צווישען זיך א פארביטערטען קאמף די סטרייקענדע וועבער מיט די פאבריקאנטען. דער קאמף איז פול מיט העכסט דראמאטישע מאמענטען, וואס רופען ארויס טיפען מיטלייד און שרעק. אט שטייען הונגעריגע, אויסגעפינסטערטע פון אייביגער שווערער ארבייט, סטרייקער און בעטען זיך רחמים: „כאטש א פאר גראשען, כאטש אויף ברויט. דער פויער טרויט שוין מער ניט אויף בארג, און קינדער ביי מיר איז א היבש ביסעל . . . האט רחמנות! . . .“ נאר פארשטיינערט זיינען די קאלטע הערצער פון די געשעפטסמעסיגע פאבריקאנטען . . . איין אקט נאכ'ן צווייטען עפענט אויף פאר אונזערע אויגען אזא שוידערליך בילד פון ארימקייט, הונגער און ליידען, אז מיר פארשטייען טאקע די לעצטע ווערטער פון איין אקט:

„ניין, אזוי קען מען מער ניט לעבען. ערגער קען שוין ניט זיין . . ." נו און מיט וואָס ענדיגט זיך דער פארביטערטער קאמף? עס מישט זיך אריין די מלוכה, עס קנאַלען שאָסען, עס גיסט זיך בלוט, עס פאַלט א טויטער דוקא דער רואיגער, שטילער ארבייטער, דער אַלטער כילזע . . . און די טראַגעדיע לאָזט איבער א שווערען געפיל . . .

אָט די סאָציאַלע דראַמע האָט געבראַכט האַופטמאַנען אַן אומגעווייגליכען ערפאָלג, וואָס האָט אים אויפגעהויבען ניט נאָר אין זיין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין פראַנקרייך און אין אַנדערע לענדער. ער איז דערהויבען געוואָרען צו דער מדרגה פון א נאַציאָנאַלען שרייבער. ער איז ערקלערט געוואָרען פאַר א שעפער פון א נייער סאָציאַלער דראַמע.

די געזעלשאַפט האָט געזען אין דער דראַמע אַן אָפּשפּיגלונג פון דער שווערער לאַגע פון די ארבייטער אין דייטשלאַנד. די ארבייטער־פראַגע איז געוועזן שוין דאַמאָלס איינע פון די ברענענדיגסטע פראַגען פון לעבען. האַופטמאַן, וועמעס עלטער־זיידע איז אַליין געווען א וועבער, און וועלכער האָט אַליין זיך גענוג אָנגעהערט פון די שרעקליכע ארבייטער־בונטען אין די 40־גער יאָרען, האָט אָט די געזעלשאַפטליכע שטימונגען און זיין אייגענע שטימונג אויסגעדריקט אין זיינע „וועבער". אויף דעם גרונד פון דער דראַמע האָט מען אים געוואָלט צושפּיליען צו א געוויסער פּאַרטייאישקייט, צו אַן אַזוי־גערופענער טענדענץ, אָבער די ווייטערדיגע זיינע ווערק האָבען באַוויזען, אַז האַופּטמאַן איז פאָרט ניט קיין אידעען־פירער, ניט קיין פרעדיגער און ניט קיין קעמפער. ער איז געבליבען נאָר א קינסטלער.

אָט שטייט פאַר אונז א בילד פון א ליידענד, אויסגעמאַטערט קינד, וואָס גוסס'ט אין שרעקליכע שמערצען („האַנעלע"), און דאָס בילד איז פונדעסטוועגען אַזוי פּאָעטיש ווייך געשילדערט, אַזוי פאַר'חלומ'ט און צאַרט, אַז אין האַרצען וועקט זיך ניט ביי אונז קיין געפיל פון פארביטערונג, נאָר עפּעס שאַפט זיך א שטילע רואיגע שטימונג, כמעט א טרייסט . . .

און אָט האָט איר אַ פאַנטאַסטישע דראַמע, פול מיט וואונקען און סימבאָלישע מאָמענטען, דעם „פאַרזונקענעם גלאָק", וואָס שטעלט פאַר די איבערלעבונגען פון אַן ארבייטער הייגריך, וואָס גיסט אויס גלאָקען, וועלכער לעבט אין טאָל צווישען מענשען און מוז ענדליך שאַפען א גלאָק, וואָס זאָל קלינגען אַ פאַר די בערג . . . קען ער ניט שאַפען אַזא הויך קלינגענדיגען גלאָק, פאַלט דער גלאָק פון באַרג אין אָפּגרונט אַראָפּ, ווייל דער מייסטער ניט איבערלעבען זיין ווערק און פאַלט גלייך נאָך אים אין תהום . . . ווייל זיין גלאָק „קלינגט אין די טאָלען, נאָר ניט אין די בערג" . . .

די פאַנטאַסטישע דראַמע, אָנגעשריבען מיט ריטמישע שיינע פערזען, פול מיט רייכע דורכזיכטיגע בילדער, האָט אויך געשאַפען האַופּטמאַנען א גרויסען ערפאָלג. אין דער דראַמע באַרירט ער די אייביגע פראַגע וועגען דער אויפגאַבע פון א קינסטלער, וועגען די צילען פון קינסטלערישער שאַפונג . . .

אין דעם „פאַרזונקענעם גלאָק האָט מען געוואָלט זען אין האַאופּטמאַנען א סימבאָליסטישען שרייבער, וואָס גייט אוועק פון מענשליכען טאָל אויף די בערג פון איינזאַמען געדאַנק . . .

נאָר אָט נאָך דעם זעען מיר זיין דראַמע „דער „בעל־עגלה הענטשעל" און מיר געפינען האַאופּטמאַנען ווייטער אין טאָל, צווישען מענשען, און נאָך וועלכע מענשען: קליינינקע, אָרימע, פּשוט'ע . . .

הענטשעל זאָגט צו זיין עלשטער ווייב ניט חתונה צו האָבען נאָך איר טויט מיט האַננען. ער דערפילט ניט זיין צוזאָג און האָט חתונה מיט איר, און ווען איין קלאַפּ שיט זיך אויף אים נאָכ'ן צווייטען, וועקט זיך ביי אים אויף דאָס געוויסען, די זינדיגע נשמה זיינע לאָזט אים ניט רוהען און ער באַגייט זעלבסטמאָרד, ניט אויסהאַלטענדיג דעם יאָך פון זיין זינד . . .

די גרעניצען פון מיין אַרטיקעל ערלויבען מיר ניט אָפּצושטעלען זיך ברייטער אויף האַאופּטמאַנס ווערק. די דערמאָנטע דראַמען זיינען גענוג כדי צו פאַרשטיין די הויפּט־מאָטיווען פון זיין שאַפונג.

זיינע דראַמען זיינען ניט רייך מיט אידעען, נאָר מיט פסיכאָלאָגישע טיפע באַאָבאַכטונגען. ער באַזיצט א פעאיגקייט צו זען און פילען דעם ארומיגען לעבען מיט א באַזונדער קראַפט, און אין א קינסטלערישער נאַטוראַליסטישער פאָרם איבערצוגעבען אונז אָט די באַאָבאַכטונגען און לעבענס־ערשיינונגען אין דראַמאַטישע האַנדלונגען. זיינע דראַמען זיינען דורכגעדרונגען מיט שטימונג. ער איז איינער פון די זעלטענע ליריקער אין דער דראַמע. אָפטמאָל זיינען ניט אַזוי וויכטיג די אידעען, וואָס ער פירט דורך, די פאָרם, אין וועלכער ער דריקט אויס די אידעען, ווי די טיפע לירישע שטימונג, וואָס עס שאַפט זיך אין זיין דראַמע. אַזוי אויך ווירקט דער רוסישער טשעכאָוו מיט זיינע דראַמען. אין זיי איז אויך אַזוי פיל שטימונג, ליריק, אַז אָפט באַמערקט זיך גאָר ניט די דראַמאַטישע האַנדלונג. די העלדען טרוימען מער, ווי זיי האַנדלען און באַוועגען זיך.

איבער האַאופּטמאַנס דראַמען ליגט צעגאָסען א האַרציגקייט און א נאָבעלע מענשליכקייט. ער רירט אין אונז די שענסטע געפילען אפילו דאַמאָלס, ווען דאָס בילד איז אַזוי עקעלהאַפט און שווער. אין האַאופּטמאַנען האָבען מיר פאַר זיך א שרייבער, וועמעס האַרץ קלאַפּט אומרואיג צום טאַקט פון די אומרואיגע דראַמען, וואָס צעפּליקען און צערייסען אויף שטיקער די איצטיגע געזעלשאַפט.

אַלץ, וואָס עס מאַטערט די נשמה פון היינטיגען מענשען, אַלץ, וואָס פילט איר אַן מיט א געפיל פון עלענדער בענקשאַפט און איינזאַמקייט, האָט געקראָגען אַן אָפּקלאַנג אין האַאופּטמאַנס דראַמען.

ניט אומזיסט איז האַאופּטמאַן געוואָרען איינער פון די אַנערקענטע באַרימטסטע דראַמאַטורגען פון אונזער צייט.

# דער פוקס און די ווינטרויבען

פון נחום י.

(נאָך קרילאָוו)

א הונגעריגער פוקס איז אין א סאָד אריין.
דאָרט זיינען הענגלאַך ווינטרויבען געהאַנגען
זיך רויטלענדיג אין שיין;
דעם פוקס איז זיך דאָס חיות גאָר צעגאַנגען!
און דאָ די טרויבען גליען ווי רובינען רויט;
א צרה, אָבער, וואָס מען קאָן זיי ניט דערלאַנגען . . .
און ווי דער פוקס האָט זיך דאָרט ניט געדרייט
אַרום די ווינטרויבען פון אַלע זייטען, —
האָט נאָר פון ווייטען
דאָס אויג געזען — נאָר ניט דערגרייכט צום צאָן . . .
ניט קאָנענדיג דאָרט קיין זאַך טאָן,
איז אונזער פוקס אוועק און מיט פאַרדראָס
א זאָג געטאָן צו זיך אַליין: — איז וואָס?
די טרויבען זיינען אויפ'ן אויסקוק שיין,
נאָר נאָך ניט צייטיג — און מען דאַרף פאַרשטיין,
אַז היילינג ווערען באַלד פון זיי די ציין . . .

# די דריטע פעריאָדע אין סיפילים

פון דר. יוסף טענענבוים

מיר האבען שוין געזען, אז סיפיליס איז איינע פון די שרעקליכסטע קראנקהייטען און איינע פון די געפערליכסטע פלאגען, וואס א מענשליך געהירן קען אויסטראַכטען. די ביבלישע צען מכות זיינען א שפּילעכעל אנטקעגען אט דער גרויסער מכה, וואס האלט אין איין פארניכטען מענשען און אין איין פארדארבען די מענשליכע ראסע.

עס איז אמת, אז די קראנקהייט איז אמאָל געווען פיל בארבארישער, און די געשיכטע גיט אונז איבער גרוילִיכע איינצעלהייטען פון גאנצע סיפיליטישע מגפות אין דער צייט, ווען סיפילים איז נאָך ניט געווען ציוויליזירט און ערשט אנגעהויבען לערנען דעם „א"ב" פון קריסטליכער בארמהערציגקייט. מיט דער צייט איז איר גיפט געוואָרען שוואכער און די מענשען האבען זיך מער צוגעוואוינט צו איר גיפט און געלערנט ווי אזוי זיך צו פארטיידיגען. אבער דערפאר האט איר די ציוויליזאציע געגעבען מער מאכט דורך דער אויסברייטונג פון צייט און שטח. סיפילים באנוצט היינט אויך דעם עקספרעס-טריין, און אין סך-הכל זיינען קיינמאָל אין דער מענשליכער געשיכטע ניט געווען אזוי פיל מענשען אנגעשטעקט מיט סיפילים און פיל פון זיי פון דעם געשטאָרבען, ווי היינט, כאָטש מיר קענען זיך היינט בעסער פארטיידיגען אנטקעגען דער קראנקהייט.

אין די פריערדיגע ארטיקלען האבען מיר אנגעוויזען ווי לייכט עס איז זיך מיט דעם אנצושטעקען. די מיינסטע פאלען פון סיפיליטישער אינפעקציע קומען פאר דורך געשלעכטליכען פארקער. עס זיינען אבער דא א סך פאלען, וואו דער קרבן האט ניט געגעסען פון'ם „עץ-הדעת", נאר פשוט געטרונקען פון א גלאז אדער געגעסען פון א לעפעל, אדער געברויכט א ציגארעט, אדער געקראגען א „ברודערליכען" קוש פון א סיפיליטיש מויל. עס איז ניט קיין חלוק פון וואנען די „ספּיראכיט", ווי מען רופט דעם סיפיליטישען מחבל, נעמט זיך. אבער ווי זי קומט נאר אין בארירונג מיט א צעראצטער אדער לייכט אפּגעריבענער הויט, אזוי בלייבט זי דארט שטעקען, שלאפט אויף אירע געצעלטען און מיט דער צייט ווערט זי א מין קאמארניק, וואס ווארפט ארויס דעם באלעבאס, אדער עסט אים אויף לעבעדיגערהייט מיט דער הויט און ביינער.

מיר האבען די קראנקהייט איינגעטיילט אין 3 פעריאָדען. איבער דעם ענין פון די ערשטע צוויי סטודיומס האבען מיר גערעדט אין די פריערדיגע ארטיקלען. מיר קומען איצט צו דעם דריטען אקט פון דער סיפיליטישער טראגעדיע, וואס איז איז דער קלימאקס פון דער קראנקהייט. עס איז דאס אזוי גערופענע דריטע סטאדיום, די שטופע פון צערשטערונג.

עס קענען פארגיין יאָרען נאך דער סיפיליטישער אינפעקציע און אמאָל צענדליגע יאָרען און, דאכט זיך, אלצדינג איז כלומר'שט גוט און פרום — איבערגעקומען די קראנקהייט. אבער די פארדרעטערין זיצט זיך און וועבט אירע נעצען.

דאס אויפפלאקערען פון אן אלטער סיפיליטישער קראנקהייט קאן געשען אין א סך פארמען. די פארם וואס איז אם מערסטען זיכטבאר איז די, וואס באווייזט זיך פון אויבען אויף אויף דער הויט פונ'ם פנים, פון די פיס, פון די הענט (און עס איז כמעט ניטא קיין טייל פונ'ם קערפּער, וואס די קראנקהייט זאָל אויסמיידען) באווייזט זיך א געשווילעכץ, אדער א מין קנייטעל, וואס צעוואקסט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, כמעט ווי א אידישער ראש-הקהל און פארנעמט אלע מאָל מער שטח. די מזרח-וואנט איז אים צו ווייניג, קריכט ער אלץ ווייטער, ביז ער ווערט גרויס און מעכטיג און מיט דער צייט ווערט דער סיפיליטישער אורח צעפוקעט פאר גרויס וואוילטאג און עס בילדעט זיך דער טיפישער אלט-סיפיליטישער געשוויר — דער „גומא", ווי מען רופט אים מיט דעם מעדיצינישען נאָמען.

דער גומא היילט זיך אויס און עס בילדען זיך סיפיליטישע קארבען, וואס בלייבען א זכר אויף אייביג. א געניט אויג קען אראפּלעזען דעם סיפיליטישען יחוס ווי פון אן אפען ספר. קומען פאר אזעלכע קארבען אויפ'ן קאפ, אדער פנים, אזוי איז דאס ניט נאר א „וויטאג אין הארצען", נאר אויך א „בושה אין פנים". עס טרעפט, אז די ביינער פון נאז ווערען אנגעגריפען און דאס פנים קוקט אויס עקלהאפט.

דער גומא איז אבער ניט נאר א סיפיליטישער הקדש, וואס ווערט פארפלאנצט אויף דער הויט. אויך אין די אינערע אָרגאנען, אין דעם פלייש פון די מוסקולען און אין דעם מארך פון די ביינער, און אפילו אין געהירן, קאנען זיך אויסברייטען די באשעפעניש׳ען און וואו זיי באווייזען זיך וואקסט ניט מער דארט קיין גראז און עס בליט ניט מער קיין לעבען. דער מענש פוילט, דער גאנצער לייב פוילט און צעפאלט זיך, ווי א פארפוילטער זאק, ביז די אָרגאנען זיינען אזוי צעשעדיגט, אז דאס לעבען פארלאָזט זיי און אנטלויפט פון דעם ערדישען גהינם צום אונטערערדישען, וואו דאס פוילען איז א נאטירליכער פּראָצעס אן יסורים און אן הארצווייטאג.

געוויינליך איז דער פּראָצעס ניט שטענדיג אזא שטורמישער, ווי דער, וואס איז דא באשריבען. עס מאכען זיך געוויינליך נאר איינצעלנע גומא-קנויטען, וואס פארשווינדען אדער ווארפען זיך אויף אנדערע פלעצער. אבער יעדענפאלס זיינען א סך כראנישע אינערע קראנקהייטען פאראורזאכט דורך סיפילים און קענען אויך געבעסערט ווערען דורך אן אנטשפרעכענדער באהאנדלונג.

אבער אויסער דער גומא-פארם פון א פארעלטערטען סיפילים און אנדערע קראנקהייטען, וואס צוליב פלאץ-מאנגעל און מחמת זיי זיינען שווער פארשטענדליך פאר מענשען, וואס זיינען ניט בקי אין די ספּעציעלע קראנקהייטען, איז דא נאך א פארם, וואס איז א ריינערע, אבער נאך גיפטיגערע קראנקהייט. דאס איז נ ע ר ו ו ע ן - ס י פ י ל י ס.

נערוועו-סיפילים קען אנטשטיין דורך א גומא אין דעם נערוועו-געוועב, אבער ניט-איבער דעם סאָרט נערוועו-סיפילים ווילען מיר דא רעדען.

דער הויפּט-פארטרעטער פון סיפיליטישער אטאקע אויף דעם נערוועו-געוועב איז דער „ט א ב ע ס" (רוקען-מארך-שווינדזוכט) און פ א ר א ל י ז י ס (סיפיליטישער שגעון). געוויינליך אנשטייען די קראנקהייטען ביי מענשען, וואס האבען מיט פיל יאָרען צוריק דורכגעמאכט סיפילים. זיי האבען שוין אן זייער סיפילים פארגעסען, מגדל געווען בנים און אפשר בני-בנים, ביז מיט איינמאָל הייבען זיי אן זיך צו באקלאגען אויף „שיסען" אין די ביינער פון די פיס, גלייך ווי עמיצער וואלט געשטאָכען מיט נאדלען, אויף „טראָבעל אין דער בלאָז", אויף שמערצען אין מאגען, אדער אויף א שלעכטער ראיה. אט די סימפּטאָמען הייבען זיך אן לאנגזאם, קומען און פארשווינדען ווי זומערפייגעלאך, און ווערען באטראכט ווי אלסצדינג, וואס מען ווייסט ניט צו וועלכע קראנקהייטען מען זאָל זיי צורעכענען, אלס א מין „רומאטיזם". אט דער מאָדנער „רומאטיזם", וואס ווערט געוויינליך געשפּייזט מיט זעק פּוידער, אדער אנדערע באבסקע רפואות, לאָזט זיך אבער ניט איינשטילען און באלד באמערקט דער קראנקער אז זיין גאנג ווערט עפּעס אזוי

# דער אייביגער פּאסאזשיר

(ערציילונג)

פון אל. גוריה

יעקב האט אויף זיינע פּלייצעס געטראָגען שווערע דריי און א האלב צענדליג יאָרען, און קיין מיידעל, צו וועמען צו גיין אין אָוענט נאָך דער ארבייט, האט ער ניט געהאט. דערפאר זיינען זיינע טעג אין שאפּ געווען די סאמע לענגסטע, די סאמע שווערסטע, די אומעטיגסטע. די ארבייט, דוכט זיך, ביי אלעמען די זעלבע לייכטע און די זעלבע שווערסטע, אבער אויף יעקב'ן איז זי צום שווערסטען געפאלען. ער האט געדולדיגט א פייער, וואס האט געגליט אין זיין הארץ פאר דאס ניט איינגענעבענקייט אין לעבען.. דאס פייער איז געווען אזא מין קללה. ער האט זיך מיט אָט דער קללה ארומגעטראָגען אין לעבען, ווי מיט א טייערער זאך, אָפּט מאָל גאנץ אָפּענבאר אויך שטאָלצירט, געפילט זיך אויפגעהויבען העכער פון די חברים זיינע, וואס האָבען אין אלצדינג אזא מזל געהאט.

אויף זועמען ער זאָל די דאָזיגע קללה ווארפען און פאר וועמענטוועגען ער טראָגט זי אין זיך, האָט ער ניט געוואוסט.

פאר זיינע טעג, וואס ליגען אזוי געדולדיג מיט אים אין די פינסטערע שעפער, וואס גייען מיט אים שווייגענדיגע, ווי ער אליין איז, צווישען פריינד, צווישען באקאנטע, און ווען ער איז אליין מיט זיך, ציען זיי זיך אוים אזוי לאנג, אזוי ברייט, זיינען אזוי טומלענדיג, אזוי שווער — קען ער די קללה ניט טראָגען.

זאָל ער שעלטען די ארבייט, וואָס אנשטאָט פרייד גיט זי אים איבער די הענט, לייגט זיך ווי א משא ארויף אויף זיינע פּלייצעס? — אויך ניט. ער קען ניט..

דערהויבענער האָט ער זיך אָבער דערפילט דורך איר, דורך דער קללה.

ווען ער האָט ביי דער ארבייט געהערט די מונטערע געזאנגען, מיט וועלכע די ארבייטער האָבען דעם גערויש פון שאפּ און די לאנגווייליגקייט פון זייער ארבייט פארזונגען, האָט ער זיך מער אריבערגעבויגען איבער דער מאשין. און געטראכט:

— שקלאפּען. מיט האָניג פארשמירען זיי זיך די וואונדען . . .

ער איז געקומען אין דער פרי צו דער ארבייט און געזען דעם האלב־פינסטערען שאפּ, וואָס האָט מיט זיך דערמאָנט־אן אויפגעריסען מויל פון א חיה, און די ארבייטער צווישען די מאשינען, ווי צווישען חיה'שע ציין, האָבען געלאכט, הנאה געזוכט, און זיך געקוויקט מיט עטליכע פרייע רגע'ס, וואָס באלאנגען נאָך צו זיי, איידער די מאשינען פארכאפּען זיי און פרעסען זיך אין זיי איין, האָט ער זיך אוועקגערוקט אין זיין ווינקעל, צו זיין מאשין א צופרידענער, א שטאָלצער, א דערהויבענער מיט זיין האס, מיט זיין קללה צום שאפּ און צום לעבען, וואָס ער אליין האָט זיי אין זיך דערפילט.

נאָך דער ארבייט, פארנאכט, איז ער קיינמאָל ניט ארויס דער ערשטער פון שאפּ, אָפּטמאָל גאָר דער לעצטער. ער האָט הנאה געהאט פאמעלאך זיך אָנצוטאָן, צוקוקענדיג מיט ביטול ווי חברה איילען זיך, ווי יעדער איינציגער זוכט צו זיין דער ערשטער ארויסצולויפען פון שאפּ; די מלבושים זיינען נאָך ניט רעכט ארויפגעטאָן אויף זיך און מען לויפט צום ארויסגאנג זינגענדיג און פייפענדיג:

— מאָדנע נפשות — האָט ער שמייכלענדיג זיך איבער זיי געוואונדערט — האלב־חיה'דיגע, אָבער דאָך אזעלכע ווייכע, גוטע.

א געפיל פון טרויער האָט זיך צו יעקב'ן אין אזא מאָמענט געפלעגט א טוליע טאָן. מיט בענקשאפט און אומבאפרידיג־

---

מאָדנע פארפלאָנטערט, גלייך ווי ער וואָלט געגאנגען אויף קוליעס, אז ער פארלירט דעם קאָנטראָל איבער דעם יורין, אָדער ווערט גאָר אינגאנצען בלינד. דאָס איז „טאבעס". ווען די סימפּטאָמען זיינען אויסגעבילדעט קען יעדערער דערקענען אָט דעם שרעקליכען מחבל, וואָס מאכט א מענשען פאר א לעבעדיגען קאליקע. די קונץ איז אָבער אים צו דערקענען אין אָנהייב, איידער די סיפילים האָט שוין אזוי צעשטערט דעם רוקען־מארך, אז עס איז מער ניטאָ וואָס צו ראטעווען.

נאָך שרעקליכער איז דער פאראליז, וואָס איז א רעזולטאט פון אן אטאקע, וואָס סיפילים האָט געמאכט אויפ'ן געהירן. לאנגזאם פארלירען די מענשען דעם קאָנטראָל איבער זייערע געפילען, זיי ווערען אויפגערעגט, באלד וויינען זיי, באלד זיינען זיי איבערגליקליך, באלד שטעלען זיי זיך פאָר אלס ראקעפעלערס אייניקעל, באלד דענקען זיי זיך אלס א גאָט, א פּראָפעט און אזוי ווייטער. מיט דער צייט ווערען זיי אינגאנצען משוגע. זיי ווערען געפערליך פאר זייער אומגעבונג און ענדיגען אין א משוגעים־אנשטאלט. דאָס ערגסטע אָבער איז דערביי, וואָס די מייסטע קראנקע ווייסען פון זייער קראנקהייט און פילען ווי דער שגעון קומט אלץ נענטער און נענטער.

צום גליק איז די לעצטע קראנקהייט א זעלטענער סוף פון סיפיליטישער צעשטערונג און נאָר א קליינער פּראָצענט פון סיפיליטיקער ליידען אויף איר. עס איז אויך אינטערעסאנט צו וויסען, אז ביי די „ווילדע" פעלקער, אויב עמיצער ווערט קראנק אויף סיפילים, איז ער קיינמאָל ניט אין געפאַר צו דערגרייכען די שטופע פון פאראליז. די סבה דערפון איז, וואָס זיי ווערען ניט קורירט אויף סיפילים און מען האָט געזען, אז עס איז בעסער גאָרניט צו באהאנדלען אָט די קראנקהייט איידער אָנצוהייבען א באהאנדלונג און זי דערנאָך ווידער אויפגעבען פאַר דער צייט, ווי עס טוען געוויינליך מענשען וואָס באטראכטען זיך אלס ציוויליזירטע.

צום שלום א וואָרט צו דן לעזער:

שרייבענדיג איבער סיפילים פאַר א ברייטען עולם, מוז יעדער דאָקטאָר פילען, אז עס שטייט פאַר די געפאַר, ווי אזוי פאָרזיכטיג ער זאָל ניט זיין, איבערצושרעקען דעם עולם און ארויסרופען דאָס געפיל ביי א מענשען וואָס איז געשטראָפט מיט דער קראנקהייט, אז ער מוז האָבען אלע די סימפּטאָמען, וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכענט. דאָס איז אָבער א טעות. עס זיינען דאָ אין סיפילים, ווי ביי יעדער קראנקהייט, לייכטע און שווערע פאָרמען, גראָד ווי עס זיינען דאָ גרויסע אומגליקען און קלענערע. אָבער אנטקעגען סיפילים זיינען היינט דאָ אויסגעצייכענטע מיטלען און יעדערער האָט עס אין זיין אייגענער האנט זיך צו באפרייען פון סיפילים אָדער צו פארבעסערען די סימפּטאָמען. אין ערשטער רייע איז דאָס דער סאלווארסאן (606), וואָס איז א סם־המות פאַר די „ספּיראכיטס", און מיט וועלכען מען קען האָבען ערפאָלג אויך אין פארעלטערטע פאָרמען פון סיפילים. דאָס וויכטיגסטע, וואָס די ארטיקעל־סעריע האָט באצוועקט, איז צו מאכען אויפמערקזאם אויף דער וויכטיגקייט ניט צו פארשלאָפען די ערשטע פּעריאָדע, און וויבאלד מען האָט נאָר א פארדאכט אויף א „שאנקער", זיך צו לאָזען אונטערזוכען, און אויב די דיאגנאָז איז זיכער, גלייך זיך לאָזען באהאנדלען, ווייל דעמאָלט זיינען די שאנסען פון אויסהיילונג די בעסטע.

טער בארואיגונג איז ער דער לעצטער אלע מאל ארויס פון שאפּ. ערשט אין גאס איז אין אים אריין א זיכערקייט, אז זיי זיינען גערעכט געווען: מיט די אָוונטען קומט אויך די ערוואַרטונג, און דאס האבען זיי, אט די אלע וואס האבען זיך געיאָגט גיך דעם שאפּ צו פארלאָזען, די גאס איז פול נאר מיט אזעלכע וואס יאָגען זיך, וואס איילען זיך, וואס האבען זיך וואוהין צו איילען.

בלויז ער, יעקב, האט זיך קיינמאָל ניט געאיילט, ווייל קיינער האט אויף אים ניט געווארט און אליין האט ער אויך קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעווארט.

געוואוינט האט יעקב אין א גאס, איבער וועלכער די שטאָ־טיגע הויך־באַן איז געלאָפען טאָג און נאכט, און אונטען, איבער די טראָטוארען, האבען זיך געדרייט די איטאַליענער און רוסען, וואס האבען באוואוינט יענעם קווארטאל און פול געמאכט די לופט מיט טומעל: די איטאַליענער מיט זייער שרייענדיג רעדען און די רוסען מיט זייערע הארמאָניקעס און שכור'ע קולות, זינ־גענדיג רוסישע לידער וועגען דער „ראָדינע".

טראַקטירען זיינען דארט געווען עטליכע און אין זיי איז אָנגעגאַנגען טאָג־איין, טאָג־אויס א לעבהאפטער האנדעל.

אָפטמאָל, קומענדיג אהיים פון דער ארבייט, האט יעקב זיך אָפּגעשטעלט פאר אט אזא טראַקטיר הערען א ליד, אויסגע־שפּילט אויף א הארמאָניקע. פון די ווערטער, ארויסגעבראכט פון א פאר'שכור'טען רוס, האט ער, פונקט ווי זיי, שווער דער־פילט די בענקשאפט צו דער היים, דארט אריבער ווייטע ימים און לענדער . . .

איינמאָל, ווען אין הארץ האט זיך צופיל מרה־שחורה אָנ־געקליבען, איז ער אין א פארנאכט אריין אין איינע פון די טראַקטירען אויף דעם ראָג פון זיין גאס, אויסצוטרונקען א גלאָז ביר.

דער דיקער איירישמאַן, אָנגעטאָן אין א ווייסען פארטוך, הינטער'ן נאסען טיש, האט געקענט יעקב'ן, און דערלאַנגענדיג אים דעם ביר, האט ער זיך ביי אים וועגען פארשידענעם פּא־נאַנדערגעפרעגט, ביז עס איז געקומען צו רייד וועגען הייראטען, וועגען מיידלאך.

יעקב'ן איז ניט איינגעגאנגען דער דאָזיגער שמועס, בא־זונדערס דער טאָן, וואס האט אָנגעהויבען ווערען פול מיט פאר־דעכטיגטע אָנצוהערענישען און אָנמערקונגען און געלעכטער, מיט וואס דער דיקער איירישמאַן האט געפירט דעם שמועס. יעקב האט זיך צוגעאיילט אויסצוטרונקען זיין ביר, כדי גיך אַוועקצוגיין. נאר די רוסען, וואס האבען מיט זיך פול געמאכט דעם אָנגערויכערטען און אָנגעשמוצטען טראַקטיר, האבען אים צוריקגעהאַלטען.

— קום אהער, אידעל, וועסט אויסטרונקען נאך א גלאָז ביר — האט פאָרגעלייגט אן אָנגע'שכור'טער קאַצאַפּ.

— העי, דו זאָלסט מיר פאָלגען. נעם טרונק אויס — האט געזאָגט אן אַנדערער, א הויכער, נעמענדיג יעקב'ן אונטער'ן אָרעם און מיט כח אים צוגעשלעפּט צום טיש.

— דו טרונק און דערצייל אונז עפּעס פון אייערע אידישע מיידלאך . . . דו האסט דאך אין דער היים א מיידעל און עס ווילט זיך דיר זיין אין דער היים ביי דיין מיידעל . . .

איין קאַצאַפּ האט זיך געמאכט וויינען און שרייען:

— חייקע, וועל איך דיך ווען עס איז נאך אָנזען? כא, כא, כא.

ביי יעקב'ן האט זיך צעברענט א פייער אין הארץ און ער האט דאך צוליב געטאָן די צודרינגליכע רוסען און געטרונקען איין גלאָז ביר נאָכ'ן אַנדערען.

אין א ווינקעל האבען צוויי איטאַליענער אָפּגעשפּילט אויף גיטאַרען און איינער פון די רוסען האט געזוכט צוצופּאַסען ווערטער.

ווען יעקב איז ארויס פון טראַקטיר איז שוין געווען שפּעט ביינאכט. ער איז געגאַנגען צו זיך אהיים. די מידע פיס האבען זיך מיט מיה געלאָזט באוועגען, וואקלענדיגע האט ער זיי גע־שלעפּט נאך זיך, די שלייפען האבען זיך אָנגעצויגען ווי צום פּלאַצען און אין די אויערען האט אַזוי ווי וואס געקלאַפּט.

עס האט זיך שטארק שלאָפען געוואָלט.

ער האט אויפגעמאכט די טיר פון זיין צימער. א פולע שטילקייט האט פונ'ם שווארצען פענסטער אנטקעגען געקוקט צו אים. ער איז געשטאַנען אין דער פינסטערניש ווי אן איבער־מענש, אן אבסטראַקטער איך. מיט פארשטיינערטע אויגען האט ער געקוקט פאר זיך און געמורמעלט וואס מיט די ליפּען, עפּעס ווי ער וואָלט ריידען צו זיין צימער, ווי ער וואָלט דער־ציילען פון זיין תמיד'יג אליין זיין.

יעקב האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן ראַנד פון בעט. זיין אלט בחור'ש הארץ האט איצט מיט מער פארדרוס ארויסגערוקט צו אים זיינע טענות. ער האט די טענות געלאָזט ניט פארענט־פערט, איגנאָרירענדיג זיי, האט ער צוגעמאכט זיינע אויגען, אָנגעשפּארט אָן דער וואַנט זיין קאָפּ און געטראַכט, אז די אַלט־קייט זיינע וועט סוף כל סוף שוין בלייבען אויפ'ן גאַנצען לעבען אליין.

די יוגענט, ווען מען האט געקענט האָפען, ווײלען, קלייבען, נעמען — איז שוין זייער ווייט אַנטלאָפען; די טעג, וואס האבען ליב תמיד צו פארלויפען אין פרייד און די נעכט — אין דערקוויקענדע איבערלעבונגען, ליגען שוין לאַנג אין אש.

ער איז נאָר געבליבען מיט בענקשאַפט צו רייכטימער פון אנדערע וועלטען אליין, אליין. ער האט איצט נאָר געקענט טראַכטען וועגען א מיידעל, וואס זאָל זיך אויף אים אומקוקען, און די מוז זיין אזוי איינזאַם ווי ער, וואָלט געוואוסט דעם וועג צו איר.

און אָט האט ער הארט נעבען זיינע אויערען דערהערט א שטים:

— וועסט ניט זיין מער אליין.

איז ער געשלאָפען? ער האט אויפגעריסען די אויגען: געשלאָפען. דאָך האט ער דערפילט, אז עפּעס גייט ארום אין זיין צימער. אָט שטייט עס שוין ביי זיין צוקאָפּענס, אָט בייגט עס זיך טיף אריבער איבער אים און דאס צימערל ווערט פון אָט דעם עפּעס אָנגעפילט מיט שטראַלענדער ליכטיגקייט.

גליקליכער. ער האט ניט געוואוסט, אז אין זיין צימער האט זיך געפונען מיט א וויזיט דער באַגער פון זיין נשמה, וואס איז געקומען אים רופען, נאָכצוגיין נאָך אים.

זיינע אויערען האבען פון דער ווייטענס שוין פארנומען א שיין געזאַנג. מוזיק האט געשפּילט. עס איז זיין חתונה. זיין חתונה.

ער איז צוגעקומען צו א שיין הויז, האט ער זיך אָפּגע־שטעלט: אין אזא שיין הויז קומט עס פאָר זיין חתונה און דאָ אויך וואוינט זי, די כלה זיינע?

און ווירקליך. אָט האט ער דערזען צוויי דינע פיסלאַך שפּרייזען אויף ווייכע טרעפּ פון א זייער הויכער הויכקייט אַראָפּ צו אים. שפּעטער האט ער שוין דערזען דעם גאַנצען גע־שטאַלט: א שיינע מיידעל אין ווייסע זיידענע קליידער.

מיט א בלום אין דער האַנט האט זי אים באַגריסט, די בלום האט זי אויף זיין קאָפּ ארויפגעלייגט און געשמייכעלט:

— דערקענסט מיך ניט, יעקב?

זיין אַלט אַנטוישטע הארץ, זיינע אַלטע אַנטוישטע יאָרען האבען זיך מיט אים מיטגעפרייט, דערקענענדיג אין דער מיידעל א באַקאַנטער פון זיין היימלאַנד.

ער האט איר ארומגענומען און אוועק מיט איר חתונה האבען.

פייערליכער איז געוואָרען די מוזיק. די נאַכט האט מיט־געזונגען. דער דיקער איירישמאַן האט זיך געשאַפט מיט די רוסען פאַנאַנדערצוטראָגען דעם ביר איבער די טישלאַך, ארום וועלכע עס זיינען געזעסען אזוי פיל שווייגענדיגע געסט.

דער איינציגער וואס האט געטומעלט איז געווען דער רו־סישער קאַצאַפּ. מיט א גלאָז ביר אין האַנט איז ער געשטאַנען נעבען יעקב'ן, א פאַר'שכור'טער, א דערעסענער האט ער אים געשטופּט די גלאָז ביר אויסצוטרינקען, אָבער יעקב איז שוין געווען אזוי אָנגע'שכור'ט, אז די פיס האבען אים שוין ניט גע־

# פּרעבעלס ערציאונג־סיסטעם

פון רחל האַלטמאַן

רוסאָס אידעען וועגען א „נאַטירליכער" ערציאונג זיינען אויפגענומען געוואָרען און אנטוויקעלט געוואָרען אויף א מער קאָנסטרוקטיווען און פּראַקטישען אופן דורך פּעסטאַלאַצי. אָבער פּעסטאַלאַצים אנשויאונגען וועגען ערציאונג זיינען אין א געוויסען זין געווען צעשוואומען, ווייל ער האָט זיין גאַנצע ערציאונגס־סיסטעם געבויט ניט אויף וויסענשאַפטליכע יסודות, נאָר אויף ליבע און איבערגעבענהייט צו די קינדער. דאָך איז זיין איינפלוס געווען זייער גרויס אויף די, וואָס האָבען זיך אינטערעסירט מיט פּעדאַגאָגיע. צוליב פּעסטאַלאַצים ווירקונג האָבען זיך באַלד אנטוויקעלט צוויי קאָמפּליצירטע ערציאונגס־סיסטעמען — איינע פון גערבאַרט, די אַנדערע פון פרעבעל.

דער גרויסער שווייצארישער פּעדאַגאָג פּעסטאַלאַצי האָט זיך געהאַלטען פאַר צוויי אויסגעשפּראָכענע פּרינציפּען, וועלכע — און אויבען אויף — ווידערשפּרעכען איינער דעם אַנדערען. פון איין זייט האָט ער באַהויפּטעט, אַז בילדונג דאַרף זיין די נאַטירליכע אנטוויקלונג פון דעם מענשענס גייסט; פון דער אַנדער זייט — אַז בילדונג דאַרף קומען פון דער פּראַקטיק, וואָס דער מענש באַקומט פון דער אויסערער וועלט. לויט דעם ערשטען געדאַנק קומט אויס, אַז יעדער כאַראַקטעריסטישער שטריך אין א קינד איז מיטגעבאָרען, און דאָס העכסטע, וואָס דער לערער קען טאָן, איז העלפען אַם בעסטען אנטוויקלען דעם קינדס נאַטירליכע פעאיגקייטען און נייגונגען. לויט דער צווייטער אויפפאַסונג ווערט דאָס גאַנצע געוויכט פון דער ערציאונג געלייגט אויפ'ן לערער, וועלכער דאַרף דינען אַלס פאַרמיטלער צווישען דעם קינד און די איינדרוקען, וואָס דאָס קינד קריגט פון דער אויסערער וועלט. פרעבעל איז געוואָרען דער אַנהענגער פון דעם ערשטען פּרינציפּ — פון דער אנטוויקלונג פון די נאַטירליכע נייגונגען און פעאיגקייטען פונ'ם קינד; און הערבאַרט האָט פון דער אַנדער זייט געלייגט פיל געוויכט אויף דער מעטאָדע און דער ערציאונגס־פעאיגקייט פון דעם לערער.

הערבאַרט איז געווען דער יעניגער, וואָס האָט זיך פיל פריער פאַראינטערעסירט מיט פּעסטאַלאַצים אנשויאונגען ווי פרעבעל; ער איז אָבער היינט צו טאָג ווייניגער באַוואוסט, ווייניגער פּאָפּולער אין דער פּעדאַגאָגישער וועלט, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס ער האָט מיט זיינע רעפאָרמען פון דער מיטעל־שולע און אוניווערזיטעט זייער פיל בייגעטראָגען צו דער אייראָפּעאישער פּעדאַגאָגיק. זיין אומפּאָפּולאַריטעט קומט הויפּטזעכליך דערפון, וואָס זיינע ערציאונגס־מעטאָדען זיינען זייער פאַרוויקעלט, דאָגמאַטיש און ניט פּראַקטיש גענוג פאַר דעם איצטיגען שול־סיסטעם.

עס איז דאַרום ווערט זיך אָפּצושטעלען מער אויף זיין צייטגענאָסע אויגוסט פרעבעל, אום צו זען אויף ווי ווייט ער האָט אויסגענוצט און דורכגעפירט אין לעבען פּעסטאַלאַצים פּרינציפּ פון „נאַטירליכער ערציאונג".

מערקווירדיג, די אַלע גרויסע פּעדאַגאָגען, וואָס האָבען באַרייכערט די מענשהייט מיט זייערע וואונדערבאַרע ערציאונגס־סיסטעמען, זיינען געווען קינדער פון דער נאַטור, וואָס האָבען זי לײדענשאַפטליך געליבט און פאַרגעטערט. פרעבעל איז געווען איינער פון זיי. ער איז געבאָרען געוואָרען אין 1782 (געשט. 1852) אין א דייטשען דערפעל אָבערווייסבאַך, אין טירינגער וואַלד, ביי פּשוט'ע, אָבער העכסט רעליגיעזע עלטערן. די אומגעבונג פון הויז צוזאַמען מיט הער נאַטור פון דעם אוראַלטען וואַלד, מיט זיינע חיות און פייגעל, האָבען אינ'ם יונגען פרעבעל אַרויסגערופען א גלויבען אין דעם פאַרקניפּטען צוזאַמענהאַנג פון דער גאַנצער נאַטור. אָט דער פאַרבאָרגענער מיסטישער געפיל האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקע ווירקונג אויף אים, אַז זאָגאַר אין די שפּעטערע יאָרען האָט ער פון אים זיך ניט געקענט באַפרייען, אפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אויסקלייבען און צוגרייטען לער־מאַטעריאַל פאַר די שול־קינדער.

אין די קינדער־יאָרען האָט פרעבעל ניט געקראָגען קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, און אַלס פופצען־יעריגער אינגעל האָט ער שוין געמוזט פאַרדינען זיין ברויט אַלס געהילף פון א וואַלד־וועכטער. ער איז אָבער געווען באַגאַבט פון נאַטור מיט א גרויסער ליבע צו וויסענשאַפט און האָט דעריבער ניט געקענט פאַרבלייבען אויף זיין שטעלע מער ווי צוויי יאָר. ער האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין יענא שטילען זיין דורשט נאָך וויסענשאַפט. צו יענער צייט איז די אַטמאָספערע אין יענא'ר אוניווערזיטעט געווען דורכגעזאַפּט מיט דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע פון פיכטע און זיין שילער שעלינג און מיט'ן ראָמאַנטיציזם פון שלעגעל, טיק און נאָוואַליס. געטהע און שילער זיינען געווען די פריינד און באַשיצער פון אַלץ, וואָס איז געווען שיין און נאָבעל אינ'ם דייטשלאַנד פון יענער צייט. פרעבעל האָט געהערט פאָרטראָגען פון אָט די אַלע לייטענדע גייסטער, און פאַר אים האָט זיך מיט אַמאָל געעפענט א נייע וועלט. ליידער איז אים אָבער ניט באַשערט געווען צו פאַרענדיגען זיין שטודיום אין אוניווערזיטעט. נאָך צוויי יאָר שטודירען, האָט ער איבער

---

קענט אויף זיך דערטראָגען און ער איז שווער א פאַל געטאָן צו דער ערד.

— — — — — — — — —

יעקב האָט זיך אויפגעכאַפּט, צעטומעלט זיך אַרומגעקוקט:
— געשלאָפען? א חלום?

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבע נאַכט. די מענשען אין די הייזער זיינען שוין געשלאָפען אויף דער איבערגעקערטער זייט.

אַראָפּגעלאָזטע פייערען זיינען געבליבען אין די פענסטער קוקען אויף יעקב'ן. און יעקב, אַן אויסגעשלאָפענער, אַן אויסגערוטער, מיט א קלאָרען זין, האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער אויף דער שטילער איינגעשלאָפענער נאַכט־וועלט.

די מויערען, איינגעהילט מיט נאַכט, זיינען געווען ענליך אויף ריזיגע שוואַרצע שיפען און עס האָט זיך געדוכט, אַז די שיפען וויגען זיך איבער דעם גרויסען, שטילען ים פון דער נאַכט. און ער, יעקב איז דער אייביגער פּאַסאַזשיר אויף אָט די שיפען, וועלכע פירען אים אייביג שוין פון א ווייטען שיינעם היימלאַנד צו אַן אומבאַשטימטען לאַקענדען ציל.

ער האָט צוגעמאַכט זיינע אויגען: זאָל די שיף זיך וויגען איבער'ן ווייטען ים, א געבענשטע, א מזל'דיגע.

און אפשר דאָס ערשטע מאָל דערפילט וואַכענדיגערהייט, אַז דאָס לעבען זיינס שטייט דאָך מיט אַזוי פיל פאַרשפּרעכונגען פאַר אים און אויך דאָס הארץ איז דאָך נאָך אַזוי יונג, אַזוי יונג. די גרויסע פרייד, וואָס איז פאַר אים באַשטימט וועט זיכער קומען.

זיין אייביגע רייזע וועט דאָך ווען עס איז אומגעריכט ערגעץ צו א ברעג מזל'דיג דערגרייכען.

פינאַנציעלע שוועריגקייטען געמוזט אויפגעבען דעם אוניווערזיטעט און זיך צוריקקערען אהיים. אין זיין דערפעל האָט ער אָנגעהויבען פירען אַן איינפאַכען צוריקגעצויגענעם לעבען פון אַ דאָרפישען שול־לערער.

זיינע פעאיגקייטען אַלס לערער האָבען זיך אָבער באַלד אַרויסגעצייגט. ער איז גיך באַרימט געוואָרען, און פעסטאַלאַצי האָט אים איינגעלאַדען, ער זאָל זיין לערער אין זיין שולע און צוגלייכער צייט אויך שטודירען אונטער זיין אויפזיכט. ער האָט איינגעשטימט דערויף, ווייל ער האָט ווירקליך געזען פאַר זיך אַ פּלאַץ פיל צו לערנען פון דעם דאָזיגען אַלטען מייסטער אין פיזיאָגראַפיע — שפּאַצירענדיג איבער די פעלדער און וועלדער מיט דעם צוועק צו שטודירען די נאַטור און איהרע ענדערונגען; ער האָט אויך געהאַט אַ געלעגענהייט איינצוזען ווי שפּילען ווירקט אויף דער גייסטיגער און פיזישער אַנטוויקלונג פונ׳ם קינד; דאָ איז פאַר אים אויך צום ערשטען מאָל קלאָר געוואָרען, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע די מוטער שפּילט אין דער ערציאונג פונ׳ם קינד. פון איצט אָן האָט פרעבעל, ווי אַמאָל רוסאָ, ניט אויפגעהערט צו וועקען אין די מוטערס דעם באַוואוסטזיין פון זייערע רעכטען, פּריווילעגיעס און פליכטען.

„אונזער גאַנצע שול־בילדונג וועט ניט האָבען קיין פעסטען באָדען ביז וואַנען עס וועט ניט רעפאָרמירט ווערען די ערציאונג פונ׳ם קינד פונ׳ם טאָג פון זיין געבורט.“ קינדער־ערציאונג קען ניט זיין ערפאָלגרייך, „ביז עס וועלען ניט אויסגעבילדעט ווערען באַגאַבטע און פעאיגע מוטערס.“ אום צו איבערצייגען די וויכטיגקייט פון זיינע אַנשויאונגען, האָט ער זיך גענומען צו זיין דער ערציער פון קינדער אין דעם עלטער פון דריי ביז זיבען יאָר, וואָס זיינען נאָך ניט צייטיג פאַר דער געוויינליכער פאָלקס־שולע.

זיין שולע האָט ער איינגעריכטעט אין איינער פון די שענסטע געגענדען אין טירינגער וואַלד און האָט איר אַ נאָמען געגעבען „קינדער־גאָרטען“ (דאָס מיינט אַ „גאָרטען“, אין וועלכען „קינדער“ זיינען די פאַנאַנדערבליענדע פלאַנצען). דאָס לערנען אין דער שולע איז באַשטאַנען אין שפּילען מיט פאַרשידענע שפּילצייג, אויסקנעטען זאַכען פון ליים, אויסשערען פון פּאַפּיר, זינגען און קערפּערליכע איבונגען, וואָס קענען פיזיש אַנטוויקלען די קליינע קינדער.

די פּרינציפּען, אויף וועלכע ער האָט געבויט זיין ערציאונגס־סיסטעם, זיינען געווען איינציגע; אונטער זיי פאַרנעמט דער פּרינציפּ פון א י נ ה י י ט ל י כ ק י י ט דעם אויבען־אָן. עס האָבען אויף אים אָן צווייפעל געהאַט אַ ווירקונג דער נאַטוראַליזם פון רוסאָ און פעסטאַלאַצי, אָבער מער פון אַלץ איז זיין סיסטעם געווען אַ פּראָדוקט פון דעם רעליגיעזען איינפלוס פון זיין היים און זיין פּראַכטפולער געבירגיגער אומגעבונג. לויט פרעבעל איז גייסט פון דעם מענשען ענג פאַרבונדען מיט דער אַרומיגער נאַטור — דער וועלט.

„אין יעדען מענשען, אַלס אַ טייל פון דער מענשהייט און אַ קינד פון גאָט, שפּיגעלט זיך אָפּ די מענשהייט אַלס אַ גאַנצע, אָבער אין יעדען איינעם איז דאָס אויסגעדריקט אויף אַ זאָנדערבאַרען, פּערזענליכען אופן, און אָט דאָס אייגענאַרטיגע גייסטיגע אין יעדעם איינעם באַזונדער מוז געפינען זיין אויסדרוק.“

מיט דעם איינהייטליכקייט־פּרינציפּ איז ענג פאַרבונדען נאָך אַ פּרינציפּ — „ז ע ל ב ס ט ־ א ק ט י ו ו י ט ע ט“ אָדער „שעפּפונגסגייסט“. אָט דער פּרינציפּ אַלס אַ מעטאָדע אין בילדונג איז איינער פון די וויכטיגסטע צוליב זיינע פיל פאָלגען. די פּערזענליכקייט מוז זיך אַנטוויקלען דורך טעטיגקייט, וועלכע ווייזט אַרויס די קרעפטען און אינדיווידועלע פעאיגקייטען פונ׳ם קינד.

פרעבעל שטרייכט שטאַרק אונטער דעם אונטערשייד צווישען לערנען אַ זאַך פון בוך און לערנען דאָס זעלבע דורך פּראַקטיק. ער זאָגט:

„צו לערנען אַ זאַך אין לעבען דורך אַרבייט אַנטוויקעלט, קולטיווירט און שטאַרקט פיל מער, ווי לערנען די זאַך דורך אידעען, וועלכע זיינען אויסגעדריקט אין ווערטער.“

גרויס געוויכט האָט אויך פרעבעל געלייגט אויף נאָך אַ זייער וויכטיגען פּרינציפּ אין לערנען, און דאָס איז די ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע זייט פון דער בילדונג. אום צו אַנטוויקלען זעלבסט־קאָנטראָל, גערעכטיגקייט און ברידערליכע ליבע אינ׳ם קינד, האָט פרעבעל ניט געזען קיין בעסערען וועג, ווי צו לאָזען די קינדער אין איין שול בויען פון בלאָקס געמיינשאַפטליכע הייזער, פּאַלאַצען, גראָבען ברונימער, פלאַסטערען גאַסען און אַז. וו., ווי דאָס געמיינשאַפטליכע שלעפּען, ברעכען, גראָבען, שפּאַלטען און בויען אַנטוויקעלט די קינדער מאָראַליש און גייסטיג. זיין „קינדערגאָרטען“ האָט זיך געשטעלט „די אויפגאַבע צו זיין פאַר די קינדער אַ ש ט א ט אין אַ קליינעם פאָרמאַט, וואו די יונגע בירגער זאָלען קענען לערנען ווי זיך פריי צו באַוועגען, אָבער צוגלייך אויך האָבען איינזעעניש פאַר די אַנדערע קליינע מענשעלאַך“, און אַזוי אַרום קריגען די גייסטיגע און מאָראַלע פאַרבאַרייטונג פאַר׳ן לעבען.

די דאָזיגע פּרינציפּען אין פּעדאַגאָגיע, — זעלבסט־אַקטיוויטעט און געמיינשאַפטליכער צוזאַמען־אַרבייטען, זיינען געוואָרען די גרונד־פּרינציפּען פון דער מאָדערנער פאָרגעשריטענסטער ערציאונג פון קינדער. אָבער אין די שולען פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואו די פּעדאַגאָגיק שטעלט זיך ניט די אויפגאַבע צו ערציען אַלזייטיג אַנטוויקעלטע מענשען מיט אַ סאָציאַלען חוש, איז די אָנווענדונג פון די דאָזיגע פּרינציפּען נאָך אַלץ ניט מער ווי אַ פרומער וואונש פון איינצעלנע פּעדאַגאָגען־דענקער. בלויז אין סאָוויעט־רוסלאַנד, וואו דער שטאַאט באַטראַכט די ב ע ס ט ע און א ל ז י י ט י ג ע אַנטוויקלונג פונ׳ם קינד פאַר זיין פ ל י כ ט, ווערען די דאָזיגע פּרינציפּען אָנגעווענדעט אויף ווי ווייט די אומשטענדען פונ׳ם לאַנד ערלויבען דאָס. וועגען דעם אָבער אין ווייטערדיגע אָפּהאַנדלונגען.

# אינדוסטריעלע קראַנקהייטען

פון דר. הענרי י. לעוויטאַן

.3

## די סימפּטאָמען פון בליי־פאַרגיפטונג

ווען אַ מענטש, וואָס אַרבעט ביי בליי אין אַ וועלכער ס'איז פאָרם, הייבט אָן צו ווערען בלייך אָן אַ וועלכער עס איז אורזאַך, דאַרף מען גלייך פאַרדעכטיגען בליי־פאַרגיפטונג. בליי־פאַרגיפטונג פאַראורזאַכט תמיד אַנעמיאַ (בלוט־אַרמוט) און דאָס איז איינער פון די ערשטע סימפּטאָמען. דאָס בלוט פון אַ מענטשען, וואָס ליידט פון בלוט־פאַרגיפטונג, ווייזט זייער כאַראַקטעריסטישע פאַרוואַנדלונגען. די רויטע בלוט־צעלען ווערען באַפלעקט, און ווען דאָס בלוט באַווייזט די דאָזיגע סמנים, איז שוין די קראַנקהייט שטאַרק אַנטוויקעלט. דערפאַר איז בלייכקייט איינע פון די ערשטע סיגנאַלען פאַר די בליי־אַרבעטער. ווען דער סיגנאַל באַווייזט זיך, מיינט עס — זייט פאָרזיכטיג!

די בלאָע ליניע אויף די יאַסלעס (צאָן־פלייש) איז נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער סימפּטאָם פון בליי־פאַרגיפטונג. די ליניע באַווייזט זיך אויף די יאַסלעס, גאַנץ נאָענט צו די ציין. דער קאָליר איז העל־גריפּעל־בלאָ. די בלאָע ליניע מיינט אַן אָפּזאַץ פון בליי־קוילען־זויערע אין די צעלען און אין די טיפע שיכטען פון די יאַסלעס. אָט די בלאָע ליניעס קען מען פון דאָרט אַזוי שנעל ניט פאַרטרייבען. געוויינטליך בלייבט עס דאָרט ליגען פאַר'עקשנ'ט פאַר חדשים לאַנג. ווען אַזאַ בלאָע ליניע באַווייזט זיך ביי אַ בליי־אַרבעטער, זאָל מען גלייך פאַרדעכטיגען בליי־פאַרגיפטונג.

שטאַרקע בויך־שמערצען צוזאַמען מיט פאַרשטאָפּונג (עצירות) זיינען טיפּיש אין בליי־פאַרגיפטונג און גייען גאַנץ אָפט צוזאַמען. די פאַרשטאָפּונג איז אַזוי שטאַרק און פאַר־עקשנ'ט, אַז עס קען אָנהאַלטען פאַר וואָכען, און געוויינטליך גייט עס צוזאַמען מיט בויך־שמערצען. עטליכע טעג, איידער די בויך־שמערצען הייבען זיך אָן, פילט דער קראַנקער אַ מאָד־נעם אומאַנגענעמען טעם אין מויל, אַזוי ווי אַ טעם פון מעטאַל. די אָנפאַלען פון די בליי־קרעמפּען קומען פּלוצלונג. דער בויך־ווייטאָג איז זייער אַ שאַרפער און קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם נאָפּעל. דער ווייטאָג קען אָנהאַלטען עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. אין דער דאָזיגער צייט ווערט דאָס אורינירען (וואַסער־לאָזען) שטאַרק פאַרקלענערט, דער בלוט־דרוק ווערט זייער נידעריג און דאָס האַרץ־קלאַפּען קען ווערען אַזוי לאַנגזאַם ווי 30 ביז 40 קלעפּ אין אַ מינוט. (נאָרמאַל איז 80—70.) דער קראַנקער האָט ניט קיין פיבער און פילט ניט קיין שמערצען ווען מען דריקט אים דעם שמערצליכען אָרט אין בויך, אָפּטמאָל קען נאָר דאָס דריקען פאַרלייכטערען דעם ווייטאָג. דער דאָזיגער פאַקט העלפט אָפט אין דער דיאַגנאָזע פון בליי־קרעמפּען, מחמת אין אַלע אַנדערע בויך־אָנצינדונגען איז יעדער דרוק אויפ'ן קראַנקען פּלאַץ זייער שמערצליך. אין אַפּענדיסיטיס איז דער בויך אַזוי עמפּינדליך, אַז דער קלענסטער ריר פאַרגרעסערט די שמערצען. צוליב אַן אומפאָרזיכטיגען דיאַגנאָזיס אָפּערירט מען אָפט אַ חולה מיט בליי־פאַרגיפטונג פאַר אַפּענדיסיטיס, און מען געפינט ערשט אויס דעם טעות ווען דער בויך איז שוין אָפען.

ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך געזען אַזאַ פאַל פון בליי־פאַרגיפטונג מיט אַלע כאַראַקטעריסטישע סמנים: אַ לאַנגזאַמער פּולס, קיין פיבער, קיינע שמערצען ביים דריקען דעם קראַנקען אָרט אין בויך, בלייכקייט א. אַז. וו. דער קראַנקער איז צוואַנציג יאָר געווען אַ פּיינטער. צו מיין איבעראַשונג האָט מען אים אין מיטען נאַכט צוגענומען אין אַ האָס־פּיטאַל און מען האָט אים אָפּערירט פאַר אַפּענדיסיטיס. און איצט, ווען די אָפּעראַציע האָט זיך שוין פאַרהיילט, ליידט ער נאָך אַלץ פון די בליי־קרעמפּען.

אין די שטרענגערע פאַלען פון בליי־פאַרגיפטונג ליידט דער קראַנקער תמיד פון קאָפּ־ווייטאָג. דער ווייטאָג איז ניט באַגרענעצט אויף אַ באַשטימטען פּלאַץ פון קאָפּ, נאָר עס טוט וויי דער גאַנצער קאָפּ. דער ווייטאָג איז צוליב די פאַרהאַר־טעוועטע בלוט־געזעסען אינ'ם מאַרך, און אָפּטמאָל אויך צוליב דעם, וואָס עס קלייבט זיך אָן בליי אינ'ם מאַרך־געוועב. דער קאָפּ־ווייטאָג קען אויך זיין צוליב אַן אַלגעמיינער פאַרגיפטונג (טאָקסעמיאַ), וועלכע גרייפט אָן אַלע אינערליכע אָרגאַנען פונ'ם קערפּער. אין די זייער שטרענגע פאַלען קומען נאָך די קאָפּ־שמערצען קאָנוואולסיעס, און ווען דער קראַנקער דערגרייכט שוין צו דער שטופע, איז ער אין אַ זייער געפערליכער לאַגע.

אין די זייער שטרענגע פאָרמען פון בליי־פאַרגיפטונג פונ'ם מאַרך, באַמערקען זיך אויך גרויסע ענדערונגען אין די נערוועז, וואָס קאָנטראָלירען דאָס זען. עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז דער קראַנקער ווערט שטאָק־בלינד.

בליי־פאַרגיפטונג פונ'ם מאַרך איז אַזוי ענליך צו דער קראַנקהייט פון טומאָר (וואוקס) אויפ'ן מאַרך, אַז אין פיל פאַלען זיינען געמאַכט געוואָרען טעות'ן און מען האָט געמאַכט אָפּעראַציעס.

בליי האָט אַ זייער דייטליכע פאַרניכטענדע ווירקונג אויף דער נערוועז־סיסטעם. עס שיינט צו האָבען אַ באַזונדערען פאָרצוג צו אַ טאַקירען דעם נערוועז־געוועב. פּאַראַליזירטע הענט און פינגער, וועלכעס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש אין דער קראַנקהייט, איז די געוויינליכסטע פּאַסירונג אין בליי־פאַרגיפּטונג. דער פּאַראַליז פונ'ם האַנט־געלענק (ריסט) איז דער טיפּישסטער סימפּטאָם פון בליי־פאַרגיפטונג און איז באַקאַנט אַלס ווריסט־דראָפּ, וועלכער איז דער קלאַסישער סימפּטאָם פון דער קראַנקהייט.

געוויינליך ווערען פּאַראַליזירט די אַקטיווסטע מוסקולען פונ'ם קערפּער, דאָס איז מחמת דעם, וואָס די אַקטיווע מוס־קולען ווערען מיר. פון דער דאָזיגער גרופּע מוסקולען ווערען געוויינטליך צום ערשטען און אַם שטאַרקסטען אָנגעגריפען די אויסערע ברעגען פון די הענט, ווי למשל דער גדול (גראָבער פינגער, טהאָמב). אין די שטרענגערע פאַלען ווערט פּאַראַלי־זירט דער אינטערקאַסטאַל מוסקול (ריפּ־מוסקול) — דאָס איז דער מוסקול צווישען די ריפּען — און דעם קראַנקען איז כמעט אוממעגליך צו אָטעמען.

ביי פיל מענטשען, וואָס קלאָגען זיך אויף רומאַטיזם, געפינט מען נאָך אַ גרינטליכער אונטערזוכונג, אַז זיי ליידען גאָר פון בליי־פאַרגיפטונג. דער קראַנקער פילט געוויינטליך אַ מידקייט, אַ פוילקייט, וועלכע שטערען כמעט אַלע באַוועגונגען פון זיין קערפּער, דער גאַנג איז ניט גלייך, די שפּראַך איז לאַנגזאַם און אָפּגעהאַקט און די קני־באַוועגונגען זיינען פיל פאַרקלענערט. דער קראַנקער קוקט אויס און האַנדעלט ווי ער וואָלט געווען פיל עלטער, ווי ער איז אין דער אמת'ן.

עס איז שווער צו זאָגען ווי שנעל נאָך דער פאַרגיפטונג עס וועלען זיך ווייזען די סימפּטאָמען. עס ווענדט זיך זייער פיל אָן דער עמפּינדליכקייט פונ'ם מענטשען, אָן דעם סאָרט און די מאָס פונ'ם אַריינגעדרונגענעם בליי אין קערפּער און אין דעם עלטער און געשלעכט פונ'ם קראַנקען. דער שטויב און די גאַזען פונ'ם בליי זיינען זייער געפערליך. צוויי אָדער דריי וואָכען באַרירונג מיט זיי וועלען שוין ווייזען סימפּטאָמען פון בליי־פאַרגיפטונג.

קינדער און פרויען זיינען פיל עמפּינדליכער צו בליי־פאַרגיפטונג ווי מענער און עלטערע מענטשען. וואָס דעליקאַטער, צאַרטער און יונגער אַ קערפּער איז, אַלץ גרעסער איז די געפאַר פון פאַרגיפטונג. ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרען,

ווענדט זיך די צייט פון אָנשטעקונג אָן דער עמפינדליכקייט פונ׳ם מענטשען.

פון 120 קראַנקע, וועלכע דר. אלים האמילטאָן האָט אונ־טערזוכט, זיינען 8 קראַנק געוואָרען אַרבעטענדיג בלויז צוויי וואָכען צייט ביי בליי; 36 זיינען קראַנק געוואָרען, אַרבעטענ־דיג ווייניגער ווי אַ מאָנאַט צייט; און 89 — ווייניגער ווי אַ יאָר. דאָס באַווייזט, אַז מענטשען, וואָס אַרבעטען ביי בליי, קענען קיינמאָל ניט וויסען ווען דער חלף וועט זיי טרעפען; אָבער זיכער איז, אַז ער וועט זיי פריער אָדער שפּעטער טרעפען, אויב זיי וועלען נאָר אַרבעטען דערביי אַ לענגערע צייט.

# באַריכט פון דער נאַצ. באָרד אוו דירעקטאָרס

## פערטע זיצונג

די פערטע זיצונג ווערט ערעפענט פרייטאָג נאָכמיטאָג מיט פר. יאָנאַס אַלס טשערמאַן.

עס ווערט אויפגענומען די קיים פון פר. מאַלקין, פון בר. 147. עס ווערט געמאַכט אַ פאָרשלאַג פון פר. איוועגסקי, ניו־יאָרק, פר. מאַלקינען ריינצואוואַשען, ווייל די גאַנצע באַשולדיגונג איז געווען געגרינדעט אויף „סוירקאָמסטענשעל עווידענס", און יעדענפאַלס דאַרף יעדער איינער קריגען די „בענעפיט אוו דהי דאוט", בפרט נאָך ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ קלייניגקייט. מען קען ניט פאַרשוואַרצען די רעפּוטאַציע פון אַ מענטשען אויף אַזעלכע קלייניגקייטען.

פר. מאַרגאָליס, קוויבעק, דענקט, אַז מיר קענען ניט אַרויסגעבען קיין אורטייל בעפאָר מיר נעמען אויף די עדות.

פר. העסקעל, פון דער גריוועגס קאָמיטע, ערקלערט, אַז ווען פר. מאַלקין איז ערקלערט געוואָרען שולדיג, האָבען זיי די קיים גענוי אונטערזוכט און ער דענקט, אַז די שטראָף דאַרף ניט אַראָפּגענומען ווערען.

עס ווערען אויסגעשפּראָכען מיינונגען וועגען דעם, אַז די באַ־ווייזען, וועלכע דער „בונד" האָט צו אונז צוגעשטעלט, זיינען ניט גענוג אום צו באַשולדיגען אַ מענטשען. דער פאָרשלאַג ריינצוואַשען פר. מאַלקינען גייט דורך מיט 11 שטימען געגען 5. די וואָס שטימען דאגעגען בעטען זייערע נעמען צו פּראָטאָקאָלירען. דאָס זיינען: פר. בעלמאַן, מינעסאָטא; מאַרגאָליס, קוויבעק; פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד; טאָראָנטאָ, אָנטאַריאָ, און סיימאָנס, קאַליפאָרניא.

עס ווערט אויפגענומען די קיים פון פר. פעלנער, פון בר. 50.

פר. פעלנער ערקלערט פאָלגענדעס: אין דער ערקלערונג, וואָס איז געווען פון דער עקזעק. קאָמ., איז געווען געגען מיר אַ באַשול־דיגונג, אַז איך האָב געלאָזט אַרעסטירען סטרייקערס און געשלאָגען מענטשען. איך ערקלער, אַז דאָס איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען און דעריבער פאָרלאַנג איך די נאַצ. עקזעקוטיוו פאַר פאַרלוימדונג.

פר. ראָבערטס, וויים טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, ערקלערט, אַז איידער ער וועט עטוואָס זאָגען, זאָלען אויסגעהערט ווערען די עדות פון דער יוניאָן וועלכע זיינען דאָ אנוועזענד.

פר. גרינבאום ערקלערט:

„די רעקאָרדס, וועלכע זיי האָבען אין דער יוניאָן, צייגען, אַז אין 1914 איז אָנגעגאַנגען אַ סטרייק געגען פר. פעלנער, וועלכער איז אַ באַרבער. די סטרייקער וועקסלער און גאָרילא זיינען אַרעסטירט געוואָרען אויף דער אויפפאָדערונג פון פעלנער און זיי זיינען גע־שלאָגען געוואָרען."

די זעלבע זאַך באַשטעטיגט אויך פר. גאָלדבערג, דער צווייטער פאַרטרעטער פון דער יוניאָן.

פר. פעלנער ערקלערט פאָלגענדעס:

„איך בין אַלע מאָל געווען טריי צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען איך האָב אָבער איבערגענומען דעם באַרבער שאָפּ פון מיין פרי־ערדיגען באָס, האָב איך געוואָלט אָפּהיטען אַלע יוניאָן קאָנדיציעס. אויף דער אויפפאָדערונג פון דעם דעלעגאַט פון דער באַרבער יוניאָן, אַז אַ געוויסער אַרבעטער זאָל פאַרלאָזען דעם פּלאַץ, האָב איך ניט געקענט נאָכקומען, ווייל דאָס איז ניט מיינע ביזנעס, צי דער אַר־בעטער צאָלט דער יוניאָן אָדער ניט. עס איז געווען אַ נאָטיץ אין די צייטונגען, אַז ביי פעלנערן איז אַ סטרייק. מען האָט צו מיר געשיקט דעם „באָיעוואָי אָטריאַד". מיין פרוי איז ניט קיין ראַדי־קאַלע און מורא האָבענדיג, אַז מען וועט מיר שלעכטס טאָן, איז זי אַוועק צו דער פּאָליציי און מען האָט זיי אַרעסטירט. ס'איז דורכ־אויס ניט געווען מיין שולד, והראיה, אַז די יוניאָן האָט די קיים געגען מיר קיינמאָל ניט געפרעסט. איך בין אויסגעקליבען געוואָרען פיל מאָל צו עמטער און קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט. איך בין געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג, און ווען איך האָב פּראָטעסטירט געגען דער עקזעקוטיוו, האָב איך דאָס געטאָן מיט דער צושטימונג פון ברענטש. איך זוך ניט קיין דזשאָבס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָבער איך וויל, אַז מיין נאָמען זאָל זיין ריין. איך קען ברענגען אַלס עדות פר. ראָבערטס, וועלכער האָט מיט מיר באַלאַנגט צו איין ברענטש. ער אַליין וועט צוגעבען, אַז דאָס וואָס איך האָב געזאָגט איז ריכטיג."

פר. ראָבערטס, פון דער עקזעקוטיוו, ערקלערט:

„איך לייקען אַבסאָלוט אָפּ דעם פאַקט, אַז פעלנער איז געווען ווען עס איז טעטיג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. די פראַגע וועגען סטרייק איז פאָרגעקומען אין ברענטש און די גריוועגס קאָמיטע פון ברענטש האָט געפרעסט די קיים. די יוניאָן אָבער האָט געבעטען די ברענטש אַ קיים צו דיסמיסען, ווייל פעלנערס שאָפּ איז נאָכהער געוואָרען אַ יוניאָן־שאָפּ. פר. פעלנער באַקלאָגט זיך, אַז מען האָט געשיקט צו אים אַ „באָיעוואָי אָטריאַד". וואָס האָט ער געוואָלט, מען זאָל שיקען צו אים אַ רב? די עקזעקוטיוו האָט געמאַכט אַ באַגרינדעטע באַשול־דיגונג און וויל די באַשולדיגונג ניט צוריקנעמען, ווייל זי דענקט, אַז אַזעלכע מענטשען דאַרפען אין דער עפענטליכקייט אָם ווייניג־סטענס זיין צוריקגעהאַלטען."

פר. מאַרגאָליס פרעגט, ווארום האָט פוקס, דער אַרבעטער אין דעם באַרבער שאָפּ, ניט באַצאָלט זיינע דיוס?

פר. בערענשטיין פרעגט, ווי לאַנג דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען.

פר. גרינבאום, פון דער יוניאָן, ערקלערט, אַז עס איז געווען אַ פּאָרמעלער סטרייק. מען האָט געשיקט פּיקעטס און די פּיקעטס זייַנען אַרעסטירט געוואָרען. דער סטרייק האָט געדויערט 4 וואָכען.

נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע ווערט באַשלאָסען די קיים צו דיס־מיסען.

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע פון בר. 50 געגען דער עקזע־קוטיוו קאָמ. פאַר פאַרלוימדונג.

פר. שיפמאַן, דער קאָמיטע־מאַן פון ברענטש, ערקלערט, אַז אין אַ צושריפט, וועלכע די עקזעקוטיוו האָט אַרויסגעשיקט צו די ברענ־טשעס, ווערט ערקלערט, אַז אַ דעלעגאַט פון דעם דאָזיגען ברענטש איז געווען אַ סטרייק ברעכער. דער ברענטש געפינט זיך געטראָפען. זיי דענקען אויך, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו באַליידיגען דעם ברענטש.

פר. איבעראל ערקלערט, אַז מיט אָט דער קלאַגע זיינען זיי שוין געקומען צו דער עקזעק. קאָמ. די עקזעקוטיוו האָט זיי אָבער קיין צופרידענשטעלענדען ענטפער ניט געגעבען.

פר. לעוויטאַן פון דער עקזעק. קאָמ., ערקלערט, אַז די עקזעקוטיוו קאָמ. האָט בשום אופן ניט געוואָלט באַליידיגען בר. 50. די אָנווייזונג אויף זייער דעלעגאַט איז בלויז געווען מיט'ן צוועק צו צייגען וועלכע פּערזאָנען עס זיינען געווען אונטערגעשריבען אונטער דער ערקלערונג.

נאָך אַ קורצער דיסקוסיע ווערט באַשלאָסען צו ענטפערען בר. 50, אַז די עקזעק. קאָמ. האָט אויסדריקליך געזאָגט, אַז זי האָט ניט גע־מיינט צו טרעפען דעם ברענטש אַלס גאַנצען, נאָר אַ מיטגליד, וועלכער באַלאַנגט צופעליגערווייזע צו זיי.

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע פון פר. רובינשטיין, פון בר. 231, געגען דער אַנטשיידונג פון דער עקזעקוטיוו קאָמ. אין דעם פאַל פון פר. קרינסקי, וואָס איז פון אים פאָרקלאָגט געוואָרען אַז צו דער קאָנפערענץ פון נאָמינירען קאַנדידאַטען צו דער עקזעקוטיוו, איז פר. קרינסקי, וואָס איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו, געווען פאַרטרעטען פון צוויי ברענטשעס, און אויך אַז ער האָט גע־שטימט מיט צוויי באַלאָטס.

פר. דינערשטיין, פון דער עקז. קאָמ., ערקלערט, אַז זיי האָבען אין דעם קיים געהאַנדעלט און אויסגעפונען, אַז אמת טאַקע פר. קרינסקי איז געווען אַ פּראקסי פון אַן אַנדער ברענטש און איז אויך נאָמינירט געוואָרען פון זיין אייגענעם ברענטש, אָבער אין דעם גע־פינען זיי קיין חטא ניט. זיי האָבען אויסגעפונען, אַז פר. קרינסקי האָט ניט געשטימט 2 מאָל, נאָר ער האָט בלויז אַריינגעוואָרפען אַ באַלאָט פאַר אַן אַנדערען, וועלכער האָט אים דאָס געבעטען צו טאָן. נאָר טראָץ דעם, וואָס זיי האָבען אין אים קיין חטא ניט געפונען, האָבען זיי דאָך געמאַכט פר. קרינסקי אַ פאָרוואורף, ווייל אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיג, אום ער זאָל ניט וואַרפען אויף זיך דעם קלענסטען חשד.

פר. סיימאָנס, קאַליפאָרניא, מאַכט אַ פאָרשלאַג גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

נאָך אַ קורצער דיסקוסיע גייט דיזער פאָרשלאַג דורך.

עס ווערט אויפגענומען די קיים פון בר. 53.

פר. גילמאַן, פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמ., ערקלערט פאָלגענדעס:

„די פריינדין רעגינאַ עלקין איז קראַנק געוואָרען אויף פרויען־קראַנקהייט. זי האָט געהאַט אַן אָפּערייש'אָן אין דעם „בוירטה פאונ־דיישאָן" און מען האָט איר געאָרדערט צו פאָרען אין דער קאַונטרי. זי האָט ניט געוואוסט, אַז עס איז דורכגעגאַנגען אַ נייער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, אַז פרויען זיינען באַרעכטיגט צו קראַנקען־בענע־פיט פאַר אַזעלכע קייסעס. נאָכדעם אָבער ווי זי האָט זיך דערוואוסט,

אַז זי איז באַרעכטיגט צו קראַנקען־בענעפיט, האָט זי זיך געווענדט פאַר אירע בענעפיט. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַשלאָסען איר בענעפיט ניט אויסצוצאָלען, ווייל די סערטיפיקייטס זיינען אַריינגעקומען צו שפּעט. די גריוועגס קאָמיטע אָבער האָט דעם דאָזיגען באַשלוס צוריקגעוויזען און האָט באַשלאָסען איר אויסצוצאָלען ניט נאָר די דזשענעראַל בענעפיט, נאָר אויך באַאויפטראַגען דעם ברענטש צו באַצאָלען איר די לאָקאַלע בענעפיט, ווייל זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז די לאָקאַלע בענעפיט דאַרף זיין רעגולירט אונטער די זעלבע רולס ווי די דזשענעראַל בענעפיט.

פר. בענענסאָן מאַכט אַ פאָרשלאַג צוריקצואוועיזען דעם אַפּיל פון בר. 53 און גוטהייסען דעם באַשלוס פון דער גריוועגס קאָמיטע.

פר. איתענסקי, דענקט, אַז וואָס אנבאַטרעפט לאָקאַלע בענעפיט, האָט די גריוועגס קאָמיטע קיין רעכט ניט אַריינצומישען זיך אין ברענטש־אַנגעלעגענהייטען.

פר. מינדלין דענקט, אַז מיט לאָקאַלע בענעפיט איז מען מער מדקדק, און דאָס צייגט, אַז די ברענטשעס פאַרשטייען ניט אַז די אַלגעמיינע בענעפיט ווערט אויסגעצאָלט פאַר זייער געלט, און אויב די פריינדין איז באַרעכטיגט צו דזשענעראַל בענעפיט, דאַרף זי אויך זיין באַרעכטיגט צו לאָקאַלע.

פר. פּאַוולאָוו איז מיט דער מיינונג, אַז דאָס איז אַ פראַגע פון גערעכטיגקייט און מיר דאַרפען באַשיצען די רעכטע פון אינדיווידועלע מיטגלידער.

מיט דער זעלבער מיינונג איז אויך פר. פייבעסאָוויטש.

פר. סטראָוס איז אויך דערפאַר, אַז דער ברענטש האָט קיין רעכט ניט צוריקצוהאַלטען די לאָקאַלע בענעפיט, ווייל ווען איינער האָט פליכטען דאַרף ער אויך האָבען רעכטע.

פר. בעלמאַן מינ., איז מיט דער מיינונג, אַז די גריוועגס קאָם. האָט קיין רעכט זיך ניט צו מישען אין די לאָקאַלע אַנגעלעגענהייטען פון ברענטש:

נאָכדעם ווי די מייסטע זאָגען אַרויס זייער מיינונג, אַז דער פאַל איז אַ ספּעציעלער, ווייל די פּאַציענטין האָט איבערהויפּט ניט געוואוסט, אַז זי איז באַרעכטיגט צו קראַנקען־בענעפיט, ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען אין דעם פאַל די אַנטשיידונג פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע מיט 10 דערפאַר און 4 דאַגעגען.

וועגען דעם צווייטען אַפּיל פון זעלבען ברענטש, ערקלערט פר. דינערשטיין, דער פאַרטרעטער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, אַז דער דאָזיגער פאַל איז נאָך גאָר ניט גוטגעהייסען געוואָרען פון דער עקזעק. קאָם. און עס קען זיין, אַז די אַנטשיידונג פון דער גריוועגס קאָמיטע וועט צוריקגעוויזען־ווערען פון דער עקזעקוטיוו גופא, דעריבער דאַרף די נ. ב. א. ד. וואַרטען ביז די עקזעק. קאָם. וועט אַרויסגעבען איר אַנטשיידונג.

עס ווערט באַשלאָסען מיט אָט דער פראַגע אָפּצואוואַרטען.
דערמיט ווערט די פערטע זיצונג געשלאָסען.

---

עס ווערט אויפגענומען די קייס פון בר. 116, ניו־ראשעל. פר. קאַנטאָר ערקלערט, אַז אַ געוויסער פר. אַראָנסאָן איז ריאינסטייטעט געוואָרען 1 טאָג נאָכדעם ווי די געזעצליכע צייט איז פאַראיבער. פר. גילמאַן ערקלערט, אַז דער מיטגליד האָט זיך געווענדט צום בר. איינצוצאָלען דעם לעצטען טאָג, און דער ברענטש האָט צוליב נאַכלעסיגקייט זיך אַנטזאַגט אָנצונעמען די דיוס פון אים, דעריבער האָט דער אָפּיס באַשלאָסען צו ריאינסטייטען אים. עס ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען די האַנדלונג פון דער גריוועגס קאָמיטע.

פר. דינערשטיין רעפּאָרטעט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע. ער זאָגט צווישען אַנדערעס:

זיי גייען אָן מיט דער זעלבער אַרבעט ווי די אַלטע אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע און פירען אָן אַ קאַמפּיין פאַר 100 טויזענט מיטגלידער. זיי ווענדען אָן אַלע מיטלען די מיטגלידערשאַפט צו פאַרגרעסערען און זיי האָפען, אַז זיי וועלען האָבען ערפאָלג. זיי פירען אָן פאַרשידענע אַנדערע קאַמפּיינס. דער האָספּיטאַל פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד, פאַר וועלכען עס האָבען געאַרבעט פאַרשידענע טוער פון אַ. ר., איז ליידער פאַרזען געוואָרען פון דער קאָנוועגשאָן און זיי מוזען געפינען מיטלען ווי אַזוי די דאָזיגע אונטערנעמונג צו פינאַנסירען. עס איז שוין זאָגאַר באַשטימט געוואָרען אַ פּלאַץ, וואו דער האָספּיטאַל זאָל זיך געפינען, און דאָס וועט זיין די שטאָדט האָמעל.

פר. דינערשטיין שטעלט זיך אָפּ אויף די אומאַנגענעמליכקייטען וואָס זיי האָבען געהאַט מיט דער דיסטריקט קאָמיטע פון באָסטאָן. ער דערציילט ווי די דיסטריקט קאָמיטע, אנשטאָט צו העלפען דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין זייער אַרבעט, ווענדט גאָר אָן אַלע מיטלען צו שטערען די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין אין אירע אויפגאַבען צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדע פאַר'ן אַ. ר. אייגענטליך שפּילט דער אַ. ר. גאָר קיין ראָלע ניט פאַר די טוער פון דער דיסטריקט קאָם. און זיי האָבען אינגאַנצען אין זינען זייטיגע אינטערעסען. עס איז געווען אַ „טעג־דעי" אין באָסטאָן פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד. דער דזשענעראַל אָפּיס קלייבט געלדער פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד און ער שיקט איבער מיט די קלענסטע הוצאות גלייך דורכ'ן רויטען־קרייץ. מיר האָבען זיי געבעטען, אַז די געלדער זאָלען אַריינגעשיקט ווערען אין אָפּיס פון דער אַ. ר. זאָל קריגען דערפאַר קרעדיט. זיי האָבען זיך אָבער דערפון אַנטזאַגט.

פר. דינערשטיין דערציילט אויך פון אַ געוויסען ברענטש מיט'ן נאָמען „פּריוויהייט", וועלכער האָט געשיקט פאַרטרעטער צו דער זאָגענאַנטער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן", איידער דער ברענטש איז נאָך אין גאַנצען געווען אינסטאַלירט. מיר קענען נאַטירליך אַזאַ דעמאָראַליזאַציע ניט דולדען. מיר האָבען זיך אַנטזאַגט דעם דאָזיגען ברענטש צו אינסטאַלירען, אָבער איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז מיר האָבען זיך אַנטזאַגט אים צו אינסטאַלירען ניט דערפאַר, ווייל ער טראָגט דעם נאָמען „פּריוויהייט", נאָר דערפאַר, ווייל מיר האָבען זיך איבערצייגט, אַז ער האָט ווייניג אין זינען די אינטערעסען פון אַ. ר.

ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף די אומאַנגענעמליכקייטען, וועלכע איניגע מיטגלידער מאַכען אָן אין די ברענטשערס אין דעם נאָמען פון „לינקיזם". די ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, מיט דעם הסכם פון דער נאַב. עקזעקוטיוו, וועט זיך ניט אָפּשטעלען פאַר קיין זאַכען ניט צו דערלאָזען, אַז איינצעלנע מיטגלידער זאָלען קענען טעראָריזירען גאַנצע ברענטשעס, און אויב אין אַ געוויסען ברענטש וועט פאָרקומען, אַז אַ מינאָריטעט וועט ניט דערלאָזען דעם ברענטש אָנגיין מיט זייער אַרבעט, וועט די מינאָריטעט געוויס אויסגעשלאָסען ווערען און וועלען טרענספערירט ווערען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

די ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט אויסגעשלאָסען אַ מיטגליד מיט'ן נאָמען לאַטקער. אָט דער מיטגליד איז געווען אין איין און דערזעלבער צייט אי אַ סעקרעטער פון אַן „אַקציאָנס קאָמיטע", וועמעס ציל עס איז צו שטערען די אַרבעט פון דער עקזעקוטיוו, און אין דער זעלבער צייט אויך אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועמעס אויפגאַבע עס איז צו העלפען דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין איר אַרבעט. עס איז ניט געווען קיין פראַגע פון „לינקע" און „רעכטע". די פראַגע איז בלויז געווען, צי קען אַ מיטגליד פון דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַלאַנגען צו אַזאַ סאָרט אָרגאַניזאַציע, וועמעס אויפגאַבע עס איז צו קעמפען געגען דער עקזעקוטיוו.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ווערט דער באַריכט גוטגעהייסען און פר. דינערשטיין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

---

עס ווערט דאַן אויפגענומען אַן אַפּיל פון אַ מיטגליד פון בר. 53 געגען באַשלוס פון ברענטש ניט אויסצוצאָלען אים זיין קראַנקען־בענעפיט, ווייל ער האָט זיך ניט געמאָלדען אין צייט. עס צייגט זיך אַרויס, אַז צוליב געוויסע אורזאַכען איז פאַר דעם באַטרעפענדען געווען אוממעגליך זיך צו מעלדען. עס ווערט באַשלאָסען אויפצופאָדערען בר. 53 אויסצוצאָלען די קראַנקען־בענעפיט צו דעם באַטרעפענדען פריינד.

עס ווערט אויפגענומען אַן אַפּיל פון אַ מיטגליד פון בר. 146 געגען זייער באַשלוס אים צו אַנטזאַגען אויסצוצאָלען לאָקאַלע בענעפיט, ווייל זיין פאַל איז געווען אַ קאָמפּענסיישאָן קייס. עס צייגט זיך אַרויס, אַז דער ברענטש האָט אַ ספּעציעלע רול, אַז לאָקאַלע בענעפיט ווערט ניט אויסגעצאָלט צו אַזעלכע, וועלכע קריגען קאָמפּענסיישאָן. אַזוי ווי דער ברענטש האָט געהאַנדעלט לויט זיינע ביי־לאָוס, ווערט באַשלאָסען, אַז דער מיטגליד איז ניט באַרעכטיגט צו קיין לאָקאַלע בענעפיט און זיין אַפּיל ווערט צוריקגעוויזען.

דערמיט ווערט די פינפטע זיצונג געשלאָסען.

---

## זעקסטע זיצונג

די זעקסטע זיצונג ווערט ערעפענט שבת, 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג, מיט פר. בערענשטיין אַלס טשערמאַן.

פר. לאַנגער, טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָמיטע, באַריכטעט אַז זיי האָבען זיך ניט לאַנג צוריק אינסטאַלירט און קיין באַזונדערע ספּעציעלע קייסעס איז פאַר זיי ניט פאָרגעקומען. ער באַריכטעט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, וועלכער איז אָרגאַניזירט פון מיטגלידער פון ניו־יאָרק, האָט געוואָלט איינפירען, אַז אַלע מיטגלידער פון די ברענטשעס, וועלכע זיינען אָנגעשלאָסען אָן מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, דאַרפען זיין געצוואונגען צו באַלאַנגען צו דעם דעפּאַרטמענט. אָט דער באַשלוס איז צוריקגעוויזען געוואָרען פון די ברענטשעס דורך אַ רעפערענדום.

טראָץ דעם וואָס דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז אַ פּריוואַטע אינסטיטוציע פון אינדיווידועלע ברענטשעס, ווערט ער אָבער באַטראַכט פון אַ סך מיטגלידער אַלס אַ טייל פון דער פאַרוואַלטונג און מיר האָבען דעריבער באַשלאָסען אויפצונעמען אַזעלכע קייסעס, וועלכע זיינען שייך צום מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, ווייל די מיטגלידער מוזען זיך צו אונז ווענדען אין געוויסע פעלען און זייערע אינטערעסען מוזען פאַרטיידיגט ווערען. ביז אַהער זיינען נאָך ווייניג קייסעס פאָרגעקומען, אָבער די בענעפיט קאָמיטע איז מיט דער מיינונג, אַז די גריוועגס קאָמיטע דאַרף אויפנעמען אויך אַפּילס געגען דער אַנטשיידונג פון דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט.

פר. פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד, פרעגט, וואָרום עס נעמט אַזוי פיל צייט ביז מען קריגט אויסגעצאָלט פאַר קראַנקען־בענעפיט.

פר. יאָנאַס איז מיט דער מיינונג, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז אַ פּריוואַטע אינסטיטוציע און האָט מיט דעם אַ. ר. גאָר ניט

וואָס צו טאָן, דעריבער דאַרף זיך דער אַ. ר. אַבסאָלוט ניט מישען אין אַזוינע אַנגעלעגענהייטען.

עס ווערט אויפגעהויבען אַ לענגערע דעבאַטע וועגען דעם, צי קען דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט ווערען באַטראַכט אַלס אַ טייל פון אַ. ר., אָדער ער איז אַ זעלבסטשטענדיגע אינסטיטוציע. עס ווערט באַשלאָסען, אַז אַזוי לאַנג ווי עס זיינען ניטאָ קיין אַנדערע קערפּערשאַפטען און מען קען זיך ווענדען געגען באַשלוסען פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, דאַרף די גריוועגס קאָמיטע אַננעמען אַפּילס געגען אָט דעם דעפּאַרטמענט.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען און פר. לאַנגער ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

פר. פיין באַריכטעט פון דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע:

„איינענטליך וואָלט געוועזן זייער פיל צו רעדען וועגען דער עדיוקיישאָנאַל אַרבעט און וואָס מיר דענקען צו טאָן פאַר'ן נעקסטען יאָר, נאָר אַזוי ווי פּלענער האָבען מיר זייער פיל, וואָלטען מיר ניט וועלען רעדען איידער די פּלענער וועלען דורכגעפירט ווערען, נאָר מיר וועלען בלויז אָנדייטען וואָס פאַר אַ כאַראַקטער אונזער אַרבעט וועט האָבען פאַר'ן נעקסטען יאָר. מיר וועלען שענקען פיל אויפמערקזאַמקייט צו די שולען און זיי זען צו שטעלען אויף אַ פעסטען באָדען. מיר דענקען אויך צו אַראַנזשירען לעקציעס פאַר דערוואַקסענע. מיר פּלאַנעווען אויך צו מאַכען שפּאַצירען איבער מוזעאומס מיט מענטשען, וועלכע קענען געבען ערקלערונגען איבער פאַרשידענע אַנטיקען, וואָס די מוזעאומס אַנטהאַלטען. דער לערער־סעמינאַריום האָט שוין פאַרענדיגט זיין ערשטען קורס און דעם 14־טען יולי וועט זיין די גראַדואירונג פון די שילער, וועלכע האָבען באַזוכט די דאָזיגע קורסען.

ער באַריכטעט, אַז פאַר $3000 ביכער זיינען באַוויליגט געוואָרען פון די ביכער, וועלכע זיינען פאַראַן אין סטאָק. ער מאַכט אויך אויפמערקזאַם, אַז די עדיטאָריעלס, וואָס ווערען איצט געשריבען אין „פריינד", ווערען ניט געשריבען פון פר. ביילין. פר. ביילין האָט פאַרלאַנגט, אַז די עדיטאָריעלס זאָלען זיין אונטערגעשריבען פון די וואָס שרייבען זיי. דער דאָזיגער פאַרלאַנג האָט אָבער ניט געקענט באַוויליגט ווערען, ווייל די עדיטאָריעלס דאַרפען אויסדריקען די מיינונג פון דער עקזעקוטיוו אַלס גאַנצע און ניט פון איינצעלנע פערזאָנען.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען צו פר. פיין, וועלכע ווערען פון אים צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט, ווערט דער רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע גוטגעהייסען און פר. פיין ווערט באַדאַנקט פאַר'ן אָפּגעבען דעם רעפּאָרט.

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער פון אַ. ר., גיט אָפּ זיין רעפּאָרט:

„עולם כמנהגו נוהג", עס טומעלט זיך אַביסעל אין אַ. ר., אָבער די טומלערייען זיינען בלויז אויף דער אויבערפלעכע פון אַ. ר. — דער גייסט פון אַ. ר. איז גענוג שטאַרק און קיין טומלענישען קענען אונז ניט שטערען אָנצוגיין מיט אונזער אַרבעט.

עס מערקט זיך אַ גרויסע שטרייך־מגפה, וועלכע וועלכער איך האָב שוין איניגע מאָל באַריכטעט, אָבער די שטרייך־מגפה איז מער צוליב די שלעכטע צייטען ווי צוליב אַלע אַנדערע אורזאַכען. אַ סך מיטגלידער, און גראַד עלטערע מיטגלידער, לאָזען זיך שטרייכען, און דאָס צייגט, אַז זיי קענען ניט נאָכקומען זייערע בילס צוליב די עקאָנאָמישע אומשטענדען. מיר האָבען געמאַכט אַ סטאַטיסטישע אונטערזוכונג און עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז מאַנכע, וועלכע האָבען שוין געצויגען גרויסע בענעפיט פון אַ. ר. — אַ זאַך, וועלכע צייגט, אַז די באַטרעפענדע פערזאָנען זיינען נויטבאַדערפטיג, און פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך צו דער עלטער געמוזט לאָזען שטרייכען. עס קען אַפילו אַמאָל פּאַסירען, אַז מיטגלידער לאָזען זיך שטרייכען ווייל זיי זיינען רייך געוואָרען צו דער עלטער, אָבער אַזעלכע פעלען זיינען איינצעלנע און מייסטע מיטגלידער לאָזען זיך שטרייכען צוליב שלעכטע עקאָנאָמישע אומשטענדען.

דער אָפיס איז איצט אַראַנזשירט אין בעסטען אָרדענונג און אַלע דעפּאַרטמענטס ערפילען זייער פליכט. אין בוקקיפּינג דעפּאַרטמענט אַרבעטען דריי לייטע מיט אַ סאַלאַרי פון $140. אין מעמבערשיפּ דעפּאַרטמענט אַרבעטען 5 לייטע מיט אַ סאַלאַרי פון $169 פאַר אַלע 5. אין סיק־בענעפיט דעפּאַרטמענט אַרבעטען 3 לייטע מיט אַ סאַלאַרי פון $102 פאַר אַלע 3. אין מיילינג דעפּאַרטמענט אַרבעטען 2 לייטע מיט אַ סאַלאַרי פון $34. אין אוידיטינג דעפּאַרטמענט — 2 לייטע מיט אַ סאַלאַרי פון $83. אין „פריינד" דעפּאַרטמענט — 3 לייטע מיט אַ סאַלאַרי פון $90. אין עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט אַרבעט איין פערזאָן מיט אַ סאַלאַרי פון $23. אויסער דעם האָבען מיר אַ קעשיר, אַ סטאַטיסטישען און 2 סטענאָגראַפערס.

וועגען די פאַרשידענע פאָנדס קען איך אייך באַריכטען, אַז דער רעזערוו פאָנד פאַרמאָגט ביז דעם 1טען יולי $1,290,458, דער מאַרטשוערי פאָנד, $357,289.63; דער קאָנסאָמפּשאָן בענעפיט פאָנד האָט $62,593; דער סיק־בענעפיט פאָנד — $180,303.23. מיר האָבען אָבער דעפּאָזיטען אין אַדמיניסטראַציאָנס פאָנד פון $29,803.56. אויך האָבען מיר אַ גרויסען דעפּאָזיט אין קאָנווענשאָן פאָנד און אין „פריינד" פאָנד, אויך אין עדיוקיישאָנאַל פאָנד. גרויסע סורפּלוסען זיינען פאַראַן אין סאַניטאַריום בילדינג פאָנד, און מיר קענען אויך מיט פאַרגעניגען זאָגען, אַז אַפילו דער סאַניטאַריום מיינטענענס פאָנד האָט שוין אויך אַ סורפּלוס פון איבער $3000.

עס קומען נאָך צו אַזעלכע סאָרטען פאָנדס, פון וועלכע מיר האָבען איינענטליך ניט געדאַרפט האָבען אַזעלכע אומאָנגענעמליכקייטען, און דאָס איז די ביכער, וועלכע וואַלגערען זיך ביי אונז און מיר וועלען האָבען אַ דעפּיצט, ווען אַפילו אַלע ביכער זאָלען פאַרקויפט ווערען. מיר האָבען אויך אַ דעפּיציט פון „קינדערלאַנד", וואָס עס ווערט אַרויסגעגעבען פון דער שול־קאָמיסיע.

וועגען די רעליף פאָנדס באַריכטעט פר. באַסקין, אַז עס געפינען זיך נאָך געוויסע באַלאַנסען אין אָפיס און זיי ווילען די געלדער פאַרטיילען לויט די דירעקטיוועו פון די בראַנטשעס, וועלכע האָבען געמאַכט די ביישטייערונגען.

וואָס אַנבאַטרעפט די דעפּאָזיטען מוזען איין מאָל פאַר אַלע מאָל גענומען ווערען מיטלען אָט די דעפּאָזיטען אָפּצואוואַשען. מיר קענען זיך ניט פאַרנעמען מיט פאַרלאָג־טעטיגקייט אָדער מיט אַנדערע זאַכען, וועלכע זיינען מיט אונז ניט שייך. עס איז זייער אומגעזונט צו דעקען אַזעלכע דעפּאָזיטען מיט סורפּלוסען פון אַנדערע פאָנדס.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, וועלכע פר. באַסקין פאַרענטפערט צופרידענשטעלענד.

פר. באַסקין באַמערקט אויך אין זיין ענטפער, אַז דער עקטשוערי אַרבעט אויף אַ געוויסען פּלאַן ווי אַזוי צו שאַפען אַ פאָנד פאַר נויטבאַדירפטיגע מיטגלידער, וועלכע לאָזען זיך שטרייכען צוליב שלעכטע פינאַנציעלע אומשטענדען.

פר. באַסקין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין באַריכט.

פר. ביילין, רעדאַקטאָר פון „פריינד", רעפּאָרטעט פאָלגענדעס:

„צוערשט וויל איך אויך רעדען וועגען „קינדערלאַנד", וועגען וועלכען פר. באַסקין האָט באַרירט אין זיין רעפּאָרט. איך וויל זאָגען, אַז מיר נעמען אָן פיל מיטלען אָפּצושאַפען דעם דעפּיציט, און מיר האָפען, אַז נעקסטען יאָר וועט שוין קיין דעפּיציט אין „קינדערלאַנד" ניט זיין.

וועגען די סטאָק ביכער, וועלכע געפינען זיך אין אָפיס, וועלען אויך אָנגענומען ווערען מיטלען זיי צו פאַרשפּרייטען צווישען מיטגלידער, אום זיי זאָלען ווירקליך האָבען די נוצען, פאַר וועלכע זיי זיינען באַשטימט געוואָרען."

וואָס אַנבאַטרעפט די פּאָליסעס פון „פריינד", וועלכען אים קומט אויס צו רעדאַקטירען, מוז ער באַמערקען, אַז טראָץ דעם וואָס דער „פריינד" איז אַ ריין אַ. ר. אויסגאַבע, מוזען אָבער געשריבען ווערען פיל אַנדערע אַרטיקלען, וועלכע זאָלען אינטערעסירען דעם געוויינליכען לעזער. אַפילו די פּאַרטיי־אָרגאַנען גיבען אויך געוויסע אַנדערע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבען קיין שייכות ניט מיט פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען. וואָס דאַרף מען מער ווי דער טרעזשורי דעפּאַרטמענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלכער גיט אַרויס אַ זשורנאַל, גיט אויך פיל אַרטיקלען וועגען די געשלעכטס־קראַנקהייטען. ער דענקט, אַז דער „פריינד" דאַרף געלעזען ווערען פון פאַרשידענע שיכטען פון אַ. ר. מיטגלידער און דאַרף דערום זיין פאַרשידענאַרטיג. אַ פרוי פון אַ מיטגליד, וועלכע שטייט ווייט פון אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען, מוז אויך געפינען לעזעשטאָף, וועלכע זאָל איר אינטערעסירען. דער „פריינד" איז אַן אויסגאַבע פאַר'ן הויז, אַזוי גוט ווי פאַר די אָרגאַניזאַציאָנס־אַנגעלעגענהייטען. אין אָט דעם זינען האָפט ער ווייטער צו רעדאַקטירען דעם „פריינד" און עס איז אָפּהענגיג פון די אַקטיווע מיטצוהעלפען, אַז דער „פריינד" זאָל ווירקליך געלעזען ווערען פון אַלע מיטגלידער פון אַ. ר.

עס ווערען געשטעלט פאַרשידענע פראַגען צו פר. ביילין, וועלכע ווערען פון אים צופרידענשטעלענד פאַרענטפערט, און פר. ביילין ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט.

דערמיט ווערט די זעקסטע זיצונג געשלאָסען.

## זיבעטע זיצונג

די זיבעטע זיצונג ווערט ערעפענט זונטאָג, 10 אַ זייגער אין דער פרי, מיט פר. מילער אַלס טשערמאַן.

פר. בענענסאָן גיט אָפּ אַ באַריכט פון דער 22־טער יערליכער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ, וואו ער איז געוועזן פאַרטראָטען אַלס דעלעגאַט פון דער נ. ב. א. ד.:

„איך וואָלט געקענט רעדען וועגען דער קאָנווענשאָן זייער פיל. די קאָנווענשאָן איז געוועזן איינע פון די שענסטע, וועלכע דער אַ. ר. האָט ווען עס איז געהאַט. די פראַגען, וועלכע זיינען דאָרט באַטראַכט געוואָרען, זיינען פון גרויס וויכטיגקייט פאַר די אינטערעסען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. אָבער איך וועל זיך אויף די אַלגעמיינע פראַגען פון קאָנווענשאָן ניט אָפּשטעלען, איך וועל בלויז רעדען וועגען דער שטעלונג פון דער קאָנווענשאָן בנוגע דעם באַריכט פון דער נ. ב. א. ד.

די קאָנווענשאָן, ווי אייך איז באַקאַנט, האָט גוטגעהייסען די שטעלונג פון דער עקזעקוטיוו פון דער לעווין קייס און האָט צוריקגעוויזען אונזער רעקאָמענדאַציע. מיין פערזענליכע מיינונג איז געווען, אַז אין דעם פאַל האָט די עקזעקוטיוו געהאַט אַ רעכט, ווייל וועגען אויסשליסען פר. לעווין האָט שוין די קאָנווענשאָן געהאַנדעלט און די נ. ב. א. ד. איז ניט ביכולת איבערצוביטען אַנטשיידונגען פון קאָנווענשאָנס, אָבער איך האָב ניט פאַרטראָטען מיין אייגענעם שטאַנד־

פּונקט, נאָר דעם שטאַנדפּונקט פון דער נ. ב. א. ד. און אויב עס איז מיר ניט געלונגען דורכצופירען אונזער שטאַנדפּונקט, איז דאָס ניט מיין שולד. איך האָב גענוג געקעמפט אויפ'ן פלאָר פון קאָנווענשאָן, אַז אונזער מיינונג זאָל אָנגענומען ווערען.

אין נאָך אַ פאַל האָט די קאָנווענשאָן אונז איבערגעגעבען צו רעקאָנסידערען אונזער באַשלוס, און דאָס איז דער פאַל פון בר. 147. עס זיינען געפונען געוואָרען נייע אַפּידייוויטס און נייע באַווייזען, און ווי איר ווייסט, האָבען מיר דעם פאַל רעקאָנסידערט און אונזער באַשלוס געענדערט.

איך מוז אייך זאָגען, אַז די קאָנטרי דעלעגאַטען זיינען צוליב אומבאַקאַנטע גרונדען געגען דער נ. ב. א. ד. עס האָט געהאַלטען, אַז עס זאָל אָנגענומען ווערען, אַז די נ. ב. א. ד. זאָל מיטען איין מאָל אַ יאָר. נאָר אַ דאַנק מיינע באַמיאונגען אין די קאָמיטעס און אויך אויפ'ן פלאָר פון קאָנווענשאָן איז אָט דער באַשלוס ניט אָנגענומען געוואָרען. איר דאַרפט וויסען, אַז די נ. ב. א. ד. וועט פון איצט אָן האָבען צו שפּילען אַ סך אַ גרעסערע ראָלע ווי זי האָט דאָס ביז אַהער געשפּילט, ווייל די יערליכע קאָנווענשאָנס ווערען אָפּגעשאַפט און די נ. ב. א. ד. וועט דאַרפען פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די יערליכע קאָנווענשאָנס.“

פר. בענענסאָן דענקט, אַז דער סעקרעטאַריאַט האָט געמאַכט אייניגע פעלערען אין דעם רעפערענדום־באַלאָט. איין פאַרדריסליכער פעלער איז, וואָס די סיגאַרען־מאַכער ווערען געשטיצט בלויז מיט $50 אין דער צייט וואָס ער ווייסט פאַר אַ פאַקט, אַז די קאָנווענשאָן האָט באַשטימט $100. אַ צווייטער פעלער, וואָס איז אַריינגעגעבען געוואָרען אין רעפערענדום איז דער פּונקט וועגען ענדערען אין דער קאָנסטיטוציע אַרטיקעל 11, אַז עס זאָל צוגעשטעלט ווערען פאָלגענדער פּאַראַגראַף:

> „ווען אַ מיטגליד אָדער אַ ברענטש האָט אַן אַפּיל אָדער אַ קלאַגע צו אַ מעמבער עט לאַרדזש, דאַרף דער אַפּיל אָדער די קלאַגע אַריינגעבראַכט ווערען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וועמעס אַנטשיידונג איז בינדענד“.

אַזאַ פּונקט איז קיינמאָל ניט אָנגענומען געוואָרען.

פר. בענענסאָן ווערט באַדאַנקט פאַר זיין רעפּאָרט און פר. איזווענסקי, וועלכער איז געוועזען איינער פון סעקרעטאַריאַט, ערקלערט, אַז ווי ווייט ער געדענקט, זיינען ביידע פּונקטען ריכטיג אָנגעגעבען. עס ווערט אָבער דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ביי קיין מיטגליד קען ניט אַוועקגענומען ווערען דאָס רעכט צו אַפּעלירען און דעריבער איז אָט דער פּונקט אומגעזעצליך. דער סעקרעטער ווערט באַאויפטראַגט אויפמערקזאַם צו מאַכען די עקזעקוטיוו קאָמיטע וועגען דעם פּונקט.

עס ווערען אויפגענומען די באַריכטען פון די סטייטס.

פר. עטינגער באַריכטעט פון פּענסילווייניא סטייט, און זאָגט צווישען אַנדערעס:

„עס איז איצט אוממעגליך צו טאָן קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. די לאַגע איז זייער ניט קיין גינסטיגע. עס קומט אַזוי ווייט, אַז אַקטיווע טוער פון אַ. ר. ווערען אויפ'ן שענדליכסטען אופן באַליידיגט. אָבער טראָץ אַלע שטערונגען גייען מיר אָן מיט אונזער אַרבעט פאַר'ן אַ. ר. און גראָד די „רעכטע“ גיבען אַוועק זייערע בעסטע קרעפטען צו שטעלען די שולען אויף אַ גוטען פונדאַמענט. מיר האָבען אַראַנזשירט, אַז די געלט פון די ברענטשעס פאַר די שולען זאָלען קאָלעקטירט ווערען פון דזשענעראַל אָפיס דירעקט און דער דזשענעראַל אָפיס שיקט אונז איבער די געלדער. אויף אַזאַ אופן קענען מיר די געלדער בעסער קאָלעקטירען. איך גלויב, אַ, דער „פריינד“ איז זייער אַ וויכטיגע אינסטיטוציע און עס וואָלט געווען זייער ראַטזאַם, אַז די דירעקטאָרען זאָלען אַגיטירען דערפאַר, אַז דער „פריינד“ זאָל בלייבען אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל. איך האָף, אַז די איצטיגע טומלטנישען וועלען גיך פאַראיבער און מיט מער מוט, מיט מער ענערגיע וועלען מיר זיך נעמען פאַר די ווירקליכע אינטערעסען פון אונזער באַליבטען אָרדען.“

פר. פּאַוולאָוו, ראָוד איילענד, באַריכטעט פאָלגענדעס:

„ראָוד איילענד ליידט ניט פון „לינקיזם“. מיר האָבען אינגאַנצען איין „לינקען“ ביי אונז אין סטייט. מיר אַרבעטען פאַר אַ שולע און מיר דענקען, אַז מיר וועלען זיין ערפאָלגרייך אין דעם. מיר האָבען געהאַט אויך פר. גוסקין, דעם טשערמאַן פון אַ. ר., אַלס רעדנער. מיר האָבען געזאַמעלט אַ סומע פון $177 פאַר סטרייקערס. מיר האָבען בלויז איין קאָמיטע פאַר'ן רעליף און עס האָט זיך אונז איינגעגעבען צו שיקען פּראָדוקטען און אויך $1000 פאַר די רוסישע רעליף. אין גיכען וועלען מיר האָבען אַ קאָנפערענץ וועגען דער אַנגעלעגענהייט און איך האָף, אַז מיר וועלען האָבען ערפאָלג.“

פר. שטראוס, אָנטאַריאָ:

„מיר האָבען געהאַט אַ קאָנווענשאָן ביי אונז אין שטאַט און איך מוז אייך זאָגען, אַז די ברענטשעס זיינען נאָך ניט פאַרטיג מיט די חובות וועלכע די קאָנווענשאָן האָט אונז איבערגעלאָזען. מען האָט זיך געטעקסט מיט $3 און אין איצטיגער צייט איז אַזאַ טעקס שווער צו צאָלען. ליידער קומען קיין נייע מיטגלידער ניט אַריין און מיר דאַרפען זען, אַז די בילס זאָלען זיין קלענער, ווייל פּראָלעטאַריער קענען קיין גרויסע בילס ניט צאָלען.

וואָס אַנבאַטרעפט די שולען, מוז איך ליידער זאָגען, אַז די לערער זיינען ניט פון דעם טיפּ, וועלכע די אַ. ר. שולען דאַרפען האָבען, דאָס הייסט, מענטשען, וועלכע אַרבעטען פאַר אַן אידעאַל. ליידער קוקען די לערער אויף זייער באַשעפטיגונג אַלס אַ דזשאַב און דעריבער זיינען אַ סך עלטערן פון זיי ניט צופרידען. עס גייט אַזוי ווייט, אַז ביי מאַנכע ערוועקט זיך די פראַגע, צי די שולען זיינען איבערהויפּט נויטווענדיג. מיר האָבען פון די שולען צו זינגען און צו זאָגען. מיר דאַרפען צאָלען מאָרגעדזשעס, מיר דאַרפען צאָלען פאַר אויפהאַלטונג פון די שולען, ווייל דער שכר למוד קומט אַריין ווייניג. די „לינקע“ פאַרביטערען דעם לעבען, עס איז פאַראַן דאגות פּרנסה און אַז מען קומט אין ברענטש איז אנשטאָט צו האָבען פאַרגעניגען האָט מען צרות און מען דאַרף זיך מיט אַלעמען אַרומרייסען. עס וואָלט געווען זייער ראַטזאַם, אַז די ברענטשעס זאָלען איבערגעפירט ווערען. זאָלען די לינקע ברענטשעס אָנפאַנגען צו ברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע און לאָמיר, רעכטע ברענטשעס, טאָן גוטע אַרבעט פאַר'ן אַרב. רינג.“

מאַרגאָליס, פון מאָנטרעאַל, באַריכטעט פאָלגענדעס:

„אויסערגעוויינליכע נייעס זיינען ניטאָ. צוליב די שלעכטע עקאָנאָמישע אומשטענדען לאָזען זיך אַ סך מיטגלידער שטרייכען, אָבער מיר טוען גוטע קולטורעלע אַרבעט. מיר האָבען אַ ביבליאָטעק. מיר קענען זיך אויך באַרימען, אַז די שול איז ביי אונז אַן ערפאָלג. מיר אַהבעטען פאַר'ן רעליף און האָבען אַוועקגעשיקט $1400 דורך די „פרענדס אוו סאָוויעט ראַשא“. מיר האָבען ליידער איצט טראָבעל מיט דער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע, ווייל אַ סך ברענטשעס ווילען זי ניט אַנערקענען.“

פר. ליקמאַן, מערילאַנד:

„מערילאַנד ליידט אַם מייסטען פון „לינקיזם“. די „לינקע“ ווילען פאַרנעמען אַלע אָפיסעס און עס טרייבט דערצו, אַז מיטגלידער פון אַ. ר. פון מערילאַנד סטייט לאָזען זיך שטרייכען. אָבער נאָך אַלעמען אַנטלויפען בלויז דאָקטוירים און ביזנעס־לייט. איך וויל דאָ באַריכטען וועגען אַ פאַקט, וועלכען איך וויל, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל דאָס נעמען אין אַנבאַטראַכט: מיר האָבען געהאַט אַ חשד אויף אַ געוויסען ברענטש און מיר האָבען זיך געווענדעט צום אָפיס צו זען אויסצוגעפינען וויפיל עס קומט פון ברענטש. דער אָפיס האָט געמאָלדען, אַז עס קומט אינגאַנצען $84.00. ביים צווייטען קוואַרטאַל האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז עס קומט 600 דאָלאַר. די קאָרעספּאָנדענץ איז געווען זייער ניט קיין אנגענעמע און דער אָפיס דאַרף געבען וועגען דעם אַן ערקלערונג.

וועגען דער שול קען איך באַמערקען, אַז מיר אַרבעטען ליידער מיט אַ דעפיציט.“

אויף דעם פאַרלאַנג פון פר. יאָנאָס, ווערט דער סעקרעטער פון דער נ. ב. א. ד. אינסטרואירט, ער זאָל קאָרעספּאָנדירען מיט'ן אָפיס און זען אויסגעפינען וועגען דעם טעות.

פר. אַנדרעס, טעקסאַס, באַריכטעט:

„מיר פאַרמאָגען 350 מיטגלידער מיט 5 ברענטשעס. אין דאַלאַס איז דאָ אַ גרויסער פּלאַן פאַר מיטגלידער פון אַ. ר. מיר האָבען דאָרט דעם גרעסטען פּלאַן, נאָר מיר ווערען געשטערט פון אַ געוויסער גרופּע. מיר האָפען, אַז דער אָפיס וועט ווירקען, אַז די דאָזיגע גרופּע זאָל אונז ניט שטערען. קיין שולען האָבען מיר נאָך דערווייל ניט. אין סט. אַנטאָניאָ האָבען מיר אַן אייגענע היים און טוען גוטע אַרבעט. מיר האָפען אין גיכען אויך צו האָבען אַן אייגענע היים אין דאַלאַס.“

פר. פייבעלאָוויטש, אָהייאָ, באַריכטעט:

„דער קרייז פון אונזער טעטיגקייט איז 150 מייל. עס זיינען ניטאָ ביי אונז קיין רעכטע און קיין לינקע. דער געוויינליכער מיטגליד האָט נאָר אין זינען די אינטערעסען פון אַ. ר. אָבער עס איז פאַראַן אַ קליינע גרופּע, וועלכע, טראָץ דעם וואָס זי איז קליין אין צאָל, מאַכט זי אָבער אַן אַ שרעקליכען ליאַרם. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז בר. 79, וועלכער איז אין אַלגעמיין אַ לאָיאַלער ברענטש, איז דורך אָט דער קליינער גרופּע געוואָרען באַוואויגען אויסצוקלייבען 4 דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. די דעלעגאַטען זיינען אָבער ניט אַנוועזענד געווען צום מיטינג און בריף פאַר'ן ספּעציעלען מיטינג זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען מיט אַ האַלבען טאָג פריער איידער דער מיטינג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען. צו אונזער קאָנווענשאָן האָט מען אויסגעקליבען צוויי סעטס דעלעגאַטען, און איך מוז זאָגען, אַז די נאַצ. גריוואַנס קאָמיטע איז געווען זייער מילד מיט די לינקע, מורא האָבענדיג, טאָמער וועט מען זיי פאַרדעכטיגען אין פּאַרטייאישקייט. אין בר. 414 האָט מען זיך זאָגאַר געוואָרפען מיט טשערס. און מיט אַזעלכע שלאָגענדע אַרגומענטען ווילען די לינקע באַקערען די קאַפּיטאַליסטען און אַנדערע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען צו זייער גלויבען.

ס'איז די פליכט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע די קליינע מאַיאָריטעט צו באַזייטיגען, אום דער נאָרמאַלער לעבען פון אונזער אָרגאַניזאַציע אין אָהייאָ סטייט זאָל ניט געשטערט ווערען.“

סיימאָנס, קאַליפ., באַריכטעט:

„איך בין געווען אין סאַן פראַנציסקאָ און אין אַנדערע פּלעצער און איך מוז אייך זאָגען, אַז קאַליפאָרניא סטייט איז ניט פאַרביסען. איך האָב גאָר ניט אויסצוזעצען געגען די רעכטע. מיר טוען עדיוקיישאָנאַל אַרבעט. מיר האָבען געבראַכט אייניגע לעקטשורערס פון ניו־יאָרק און דאָס האָט אונז אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגען. אין אונזער

קולטורעלער אַרבעט רעכענען מיר זיך אויך ניט מיט אנשויאונגען. מיר ווילען טאָן אמת גוטע אַרבעט.

וועגען דער אַנטשיידונג, אַז עס זאָלען פאָרקומען נייע וואַלען פאַר קאַליפאָרניא, וואַרף איך זיך אונטער, און איך האָף, אַז די נייע וואַלען וועלען אַריינברענגען רואיגקייט אין די געמיטער פון די מיטגלידער פון מיין סטייט.״

בערענשטיין, מישיגען, באַריכטעט:

„די לינקע זאָגען, אַז עס זיינען דאָ בלויז 2 רעכטע אין גאַנצען סטייט און דאָס איז דער „אידעל פון מיזורי״ און איך, און עס איז מערקווירדיג, אַז דער סטייט ערוויילט רעכטע סאַי צו דער קאָנווענשאָן און סאַי פאַר די נ. ב. א. ד. אין אַלגעמיין האָט מישיגען אויסגעחלש׳ט, מען טוט קיין אַרבעט ניט. מען זאָגט, אַז בלויז לינקע זיינען פאַר די שולען. אין דער אמת׳ן טוען די לינקע ניט אַריין אַ האַנט אין קאַלטען וואַסער, די גאַנצע אַרבעט ווערט געטאָן גראָד פון די רעכטע. די שולען ווערען נאָר אויפגעהאַלטען פון די רעכטע.״

פר. בעלמאַן, מינעסאָטא:

„מיר האָבען אַ ליבאָר־לייסעאום און ער איז פאַר אַלעמען גוט. איך גלויב, אַז ווען מיר וואָלטען געטאָן נאָר קולטורעלע אַרבעט און זיך ניט מישען אין פּאָליטיקס, וואָלט דאָס געווען געזינטער פאַר אונז אַלעמען.

אויך ביי אונז האָט זיך אַריינגעכאַפּט די עפּידעמיע פון „לינקיזם״. זיי ווענדען אָן זייערע העסליכע מעטאָדען און דער עולם הייבט שוין אָן צו פאַרשטיין ווער עס זיינען די איבערגעגעבענע צום אַ. ר. און ווער עס וויל נאָר כאַפּען פיש אין מוטנע וואַסער״.

פר. יאַנאַס, מאַס., באַריכטעט:

„אויף אַזוי פיל, וויפיל מיר איז באַוואוסט, איז דער איבעל פון לינקע און רעכטע נאָר ווירקענד אין באָסטאָן אַליין. די ברענטשעס אין באָסטאָן זיינען פאַרנומען מיט די קאָנפערענצען צו שאַפען רעזאָלוציעס פאַר און געגען הער. נאַצ. עקזעקוטיוו, מעמבערשיפּ קאַמפּיינס זיינען איצט אין באָסטאָן גאָר ניטאָ. די רעליף־אַרבעט ווערט פון די ברענטשעס דירעקט זייער ווייניג געטאָן. די וועסט ענד שולען, וועלכע מיר פאַרמאָגען אין באָסטאָן, עקזיסטירען מיט דעפּיציטען און די טעטיגקייט פון דער שול קאָמיטע פילט זיך אַזוי גוט ווי גאָר ניט.

וועגען דער אויפלייזונג פון דער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע האָבען אונזערע נאַצ. פאַרוואַלטער שוין באַריכטעט, און מיר קומט אויס נאָר צו געבען קרעדיט צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַר דער שטרענגער שטעלונג, וועלכע זיי האָבען גענומען. ווי איך האָב שוין אין פאַרשידענע פאַלען אויסגעדריקט זיך, קען מען קיין צוויי מיינונגען ניט האָבען. די דיסטריקט קאָמיטעס זיינען פאַרפליכטעט דורכצופירען די באַשלוסען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, וועלכע האַנדעלט לויט די דירעקטיווען פון דער קאָנווענשאָן. אויב די קאָמיטעס האַנדלען געגען די דאָזיגע באַשלוסען, דאַרף זי געוויס אויפגעלייזט ווערען. די באָסטאָנער קאָמיטע איז אָבער פאַר קיין פאַל אַ שפּיגעל פאַר די דיסטריקט קאָמיטעס פון מאַס. אין פיל שטעט זיינען די ברענטשעס לאָיאַל און פירען די אַ. ר. טעטיגקייט מיט קראַפט און טאַקט. די אַרבעט פון ניו־בעדפאָרד ברענטש פאַר די סטרייקענדע מיינערס איז ווערט צו פאַרצייכענען. איך בין זיכער, אַז ווען מיר וואָלטען געקענט קלאָר מאַכען די שטעלונג פון אונזערע פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס, וואָלטען מיר אַ סך טראָבעל פאַרמידען.״

פר. בענענסאָן, איל.:

„איך בין ניט דערפאַר, אַז מען זאָל זיך באַגיין מיט מענטשען, וועלכע נעמען פאַרטיגע אינסטרוקציעס מיט זיידענע הענטשקעס, ווייל מיטגלידער פון בר. קריגען זייערע אינסטרוקציעס פאַרטיג און קיין אַרגומענטען העלפען ניט און דאָס איז די צרה מיט אונזערע ברענטשעס. די רעליף־אַרבעט איז זייער שוואַך. 12 ברענטשעס האָבען זיך אָפּגעבראָכען פון דער פּיפּעלס רעליף און דאָס שטערט די אַרבעט. פאַר דעם געציוג קאַמפּיין טוען די ברענטשעס גוטע אַרבעט. מיר קאָלעקטען אַ 50 סענט טעקס פאַר דעם לייבאָר־לייסעאום און מיר האַלטען אויך אויף אונזערע שולען. מיר האָבען אָבער דעם יאָר פאַרלאָרען 700 מיטגלידער.״

פר. סאק, קאָנעטיקוט:

„די שולען ביי אונז זיינען אויף צרות און ליידער האָט די נ. ב. א. ד. ניט גענוג מאַכט צו טאָן ווירקליך קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. דער איינציגער אַקטיווער ברענטש אין האַרטפאָרד איז בר. 15. דער ברענטש איז זייער שטאַרק און צייגט סמנים פון לעבעדיגקייט. אַלע אַנדערע ברענטשעס טומלען זיך מער ווי זיי טוען גוטע אַרבעט.״

פר. רובין, וויסקאָנסין:

„אונזערע שולען האָבען ניט קיין דעפּיציט, זיי טוען גוטע קולטורעלע אַרבעט. ביי אונז אין סטייט איז נטאָ קיין פראַגע פון לינקע און רעכטע. פילייכט זיינען די מערסטע מיטגלידער גענייגט מער צו לינקיזם ווי צו רעכט.״

פר. מינדלין, ניו־דזשורזי:

„פּעטערסאָן איז אַוועק צו ווייט. די דיסטריקט קאָמיטעס האַנדלען ניט לאָיאַל. דער איינציגער פלאַץ אין ניו־דזשורזי, וואו עס ווערט געטאָן גוטע אַרבעט, איז האַדסאָן קאַונטי. בעיאָן האָט געמאַכט אַ שוינעם לייבאָר־לייסעאום. נוואַרק טוט זייער פיל פאַר׳ן געציוג קאַמפּיין. די וואָירקערס פאַרטיי, ווי עס שיינט, וויל פאַרכאַפּען ברענטשעס, אָבער דאָס געלינגט זיי ניט. די גרעסטע ברענטשעס פון ניו־דזשורזי זיינען רעכטע, אָדער די רייסעריען ברענגען ניט קיין גוטס.

פר. איווענסקי, ניו־יאָרק:

„מיר האָבען אַזוי פיל באַריכטעט וועגען די שטרייטיגקייטען פון די לינקע און די רעכטע, אָבער דער וואָס קוקט זיך צו נעענטער צו אַלץ וואָס ס׳קומט פאָר אין די העדוואַטערס אין ניו־יאָרק, קומט אויס די גאַנצע זאַך פאָר פאַר אַ קאָמעדיע. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן זייער טרויעריגע מאָמענטען אין אַט די אַלע זאַכען וואָס מאַכט די זאַך פאַר אַ טראַגי־קאָמעדיע. וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער א. ר. אינגאַנצען מיט פּאָליטישע פראַגען, ווייס איך ניט. נאָך אַלעמען איז דער אַ. ר. אַן אָרדען פאַר געגענזייטיגער הילף און די יעניגע, וועלכע ווילען שוין אַראָפּברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, דאַרפען איבערהויפּט באַטראַכטען אַז די אָרגאַניזאַציע, וואָס באַשעפטיגט זיך מיט אַזעלכע קליינינקייטען ווי אויסצוצאָלען קראַנקען און טויטען בענעפיט, פאַר אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרהאַלט די גאולה פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. נאָר קיין לאָגיק ביי די, וועלכע עס פירען איצט אָן די באַוועגונג, קען מען ניט פרעגען. זיי דאַרפען צייגען, אַז זיי טוען אַרבעט און אַזוי ווי צו קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע האָבען זיי ניט קיין צוטריט, הייבען זיי אָן די רעוואָלוציע פון אַ. ר. דער קלינטאָן האָל איז שוין גענומען געוואָרען איידער די קאָנווענשאָן האָט זיך נאָך אָנגעפאַנגען און מען קען זאָגען מיט זיכערהייט, אַז ווען דער אַ. ר. וואָלט אַפילו די צוויי רעזאָלוציעס ניט אָנגענומען, וואָלטען אַלץ די מאַכער געפונען אַ צוטשעפּעניש, אום צו שרייען אַז די קאָנטרי איז אין געפאַר.

פון ניו־יאָרק גופא און פון ניו־יאָרק סטייט זיינען ווייניג ברענטשעס געווען פאַרטראָטען ביי דער זאָגענאַנטער „פּראָטעסט־קאָנווענשאָן״. דאָס צייגט, אַז די אַ. ר. מיטגלידער זיינען שוין אויסגעוואַקסען און לאָזען זיך ניט פאַרפירען פון יעדען איינעם, וועלכער וויל נאָר מאַכען טומעל. דער פאַקט, אַז מען האָט אויך פּראָטעסטירט געגען דער מילדער רעזאָלוציע וועגען סאָוויעט־רוסלאַנד, צייגט ווי אומפאַראַנטוואָרטליך די פּערזאָנען, וועלכע האָבען אַראַנזשירט די „פּראָטעסט קאָנווענשאָן״, זיינען. דער אומגליק מיט די אַלע זייטיגע שטרייטיגקייטען איז, וואָס זיי שטערען די קאָנסטרוקטיווע אַרבעט פון אַ. ר. און דאָס מאַכט דעם אַ. ר. אַלע מאָל פאַר אַ קאַמפּס־פּלאַץ צווישען פראַקציעס און שטערט זייער פיל די קולטורעלע אַרבעט. די לינקע זאָגען, אַז זיי זיינען פאַר שולען. די שולען אין ניו־יאָרק סטייט געפינען זיך אין אַ שלעכטען צושטאַנד, אָבער מען זעט ניט, אַז די לינקע זאָלען עפּעס טאָן אַט דעם צושטאַנד צו פאַרבעסערען.״

מילער, ווירדזשיניא, באַריכטעט:

„מיר האָבען ביי אונז אין סטייט 6 ברענטשעס און מיר טוען פאַרהעלטניסמעסיג גוטע אַרבעט. אונזערע צוויי שולען, וואָס מיר האָבען אין אונזער סטייט, ווערען אויפגעהאַלטען בלויז פון צוויי ברענטשעס. איך דענק, אַז אין די שולען מערקען זיך נאַציאָנאַליסטישע טענדענצען, און די ניו־יאָרקער שול־קאָמיסיע דאַרף דעם פאַקט נעמען אין אַנבאַטראַכט. מיר האָבען אַ קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער. די צייטען זיינען זייער שלעכט, אָבער טראָץ דעם געלינגט אונז נאָך אַריינצונעמען פיל מיטגלידער. ס׳איז מעגליך, אַז גראָד אין דער צייט פון קריזיס פאַרשטייען די אַרבעטער די וויכטיגקייט פון אַ. ר.״

---

עס ווערט אויפגענומען די פראַגע, ווי זאָל די נ. ב. א. ד. העלפען אָפּשטעלען די איצטיגע טומלעניש פון אַ. ר. פר. פּאַוולאָוו שלאָגט פאָר, מען זאָל אויסקלייבען אַ רעזאָלוציאָנס קאָמיטע, וועלכע זאָל פאַסען רעזאָלוציעס וועגען דער איצטיגער לאַגע און צושיקען צו אַלע דירעקטאָרען גוטצוהייסען.

פר. יאַנאַס אונטערשטיצט דעם פאָרשלאַג און לייגט פאָר, אַז די רעזאָלוציעס, וועלכע זאָלען אָנגענומען ווערען, זאָלען אויסדריקען: ערשטענס, ערמוטיגונג צו דער עקזעקוטיוו קאָמיטע אין אירע שריט, וועלכע זי האָט גענומען אָנצוהאַלטען די גאַנצקייט פון אַ. ר., צווייטענס, צו פּראָטעסטירען געגען די יעניגע, וועלכע ווילען אַריינברענגען שטרייטיגקייטען אין די רייען פון אַ. ר., דריטענס, אויך אונטערצושטרייכען נאָכאַמאָל אונזער מיינונג, אַז מיר בלייבען נייטראַל אין פּאָליטיש־טאַקטישע פראַגען.

נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע ווערט באַשלאָסען, אַז די רעזאָלוציעס זאָלען אַנטהאַלטען די פּונקטען ווי זיי זיינען פאָרגעלייגט געוואָרען פון פר. יאַנאַס.

אין דער רעזאָלוציאָנס קאָמיטע גייען אַריין פר. מינדלין, יאַנאַס און איווענסקי.

פר. רובין שלאָגט פאָר, אַז די נ. ב. א. ד. זאָל אויך פאַסען אַ רעזאָלוציע אויפצופאָדערען די ברענטשעס צו נעמען מער אנטייל אין דער שול־אַנגעלעגענהייט. די רעקאָמענדאַציע פון פר. רובין ווערט אָנגענומען.

פר. מינדלין שלאָגט פאָר, מען זאָל אויך פאַסען אַ רעזאָלוציע אויפצופאָדערען די ברענטשעס צו טאָן מער רעליף־אַרבעט און אַז די געלדער זאָלען גיין דורכ׳ן דזשענעראַל אָפיס.

פר. מאַרגאָלים איז מיט דער מיינונג, אַז אַזוי ווי די „פרענדס אָוו סאָוויעט ראַשאַ״ איז אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאַמעלט רעליף־געל־

דער, זעט ער ניט איין פאַרוואָס מען קען דאָס ניט אַראַנזשירען צו שיקען מיט די „פרענדס און סאָוויעט ראָשא“.

פר. יאָנאס דענקט, אַז די מיטגלידער פון אַ. ר. דאַרפען זיין לאָיאַל צו זייער אָרגאַניזאַציע. רעליף פאַרשאַפט אַ געוויסען פּרעסטיזש צום אַ. ר. און דער אַ. ה. אַלס גאַנצער דאַרף קריגען דערפאַר קרעדיט.

פר. בענענסאָן דענקט, אַז עס איז זייער פּראַקטיש אויפצופאָדערען די ברענטשעס צו שיקען די געלדער דורכ'ן אָפיס, ווייל אַ סך געלט גייט אַוועק אויף אַגיטאַציע און ניט אויף קאָנסטרוקטיווער אַרבעט.

פר. סיימאָנס דענקט, אַז אַלע חשדים זיינען גרונדלאָז, אָבער ער איז אויך מיט דער מיינונג, אַז די געלדער זאָלען גיין דורכ'ן אָפיס, ווייל דאָס פאַרשאַפט כבוד דעם אַ. ר.

פר. בערענשטיין גלויבט, אַז די „פרענדס און סאָוויעט ראָשא“ פאַרטוט אַ סך געלט אויף זאַכען וואָס האָט מיט רעליף גאָר ניט וואָס צו טאָן. דער זשורנאַל, וועלכען זיי גיבען אַרויס פאַר די געלדער פון רעליף, ווערט פון קיינעם ניט געלעזען און דאָס ברענגט ווייניג נוצען דעם רעליף אין אַלגעמיין. עס זיינען פאַראַן נאָך ציי־טונגען וועלכע פאַרלאַנגען געלט און מען ווייסט ניט פון וואַנען זיי עקזיסטירען. עס קיין זיין אַ חשד, אַז אַ סך געלדער פון רעליף ווירט פאַרווענדט פאַר אַגיטאַציע און ניט פאַר'ן רעליף.

עס ווערט אָנגענומען אַ פאָרשלאַג אין דעם זין אויפצופאָדערען די ברענטשעס אין אַ רעזאָלוציע, אַז זיי זאָלען שיקען דירעקט די געלדער דורכ'ן אָפיס.

עס ווערט אויך באַשלאָסען, אַז אין פאַל עס גועט אויך דורכגיין דער פונקט אין דעם רעפערענדום צו אַסיגנירען פאַר דער נ. ב. א. ד. $300 אַ יאָר צו באַריכטען אין זייערע סטייטס, זאָל דאָס געלט צע־טיילט ווערען ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| מישיגען — — — — — — | $20.00 |
| מאַסאַטשוזעטס — — — — — | 20.00 |
| טאָראָנטאָ — — — — — — | 5.00 |
| מינעאפּאָלים — — — — — | 15.00 |
| מעין — — — — — — — | 5.00 |
| אָהייאָ— — — — — — — | 25.00 |
| ראָוד אײלענד — — — — — | 5.00 |
| ווירדזשיניא — — — — — | 5.00 |
| טעקסאס — — — — — — | 15.00 |
| ניו־יאָרק — — — — — | 35.00 |

דער טשערמאַן דריקט אויס די האָפענונג, אַז די דירעקטאָרען פון זייערע רעספּעקטיווע סטייטס וועלען טאָן אַלעס מעגליכעס צו פאַרשטאַרקען די רייען פון אונזער אָרגאַניזאַציע און ערקלערט די זיצונג פון דער נ. ב. א. ד. פאַר געשלאָסען.

# ניו־יאָרקער אַרב. רינג קאָנפערענץ

די יערליכע קאָנפערענץ פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע איז אָפּגע־האַלטען געוואָרען זונטאג דעם 9־טען סעפּט., 2 אַ זייגער נאָכמיטאַג, אין פאָרווערטס בילדינג.

די קאָנפערענץ ווערט ערעפענט פון פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער נאַצ. עקז. פון אַ. ר. ער ערקלערט די וויכטיגקייט פון דער קאָנ־פערענץ, און האָפט, אַז די קאָנפערענץ וועט ערווילען די פּאַסיגע מענשען אין דער סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, ספּעציעל דעם יאָר, ווען דער אַ. ר. פירט אָן אַזעלכע גרויסע, שיינע און וויכטיגע קאַמ־פּיינס, ווי דער מיטגלידערשאַפט קאַמפּיין, „האַיאַס“, האָכפּיטאַל פאַר סאָוועט־רוסלאַנד, געציייג קאַמפּיין און אַז. וו. ער האָפט אויך, אַז די ניי־ערוויילטע קאָמיטע וועט טאָן די אַרבייט פּונקט מיט אַזוי פיל ענערגיע און איבערגעבענהייט, ווי די אַרויסגייענדע האָבען דאָס גע־טאָן פאַר'ן פאַרגאַנגענעם יאָר.

יעפים ישורין, בר. 200, ווערט איינשטימיג ערוויילט אַלס טשער־מאַן פון דער קאָנפערענץ.

פר. ישורין ערעפענט די קאָנפערענץ מיט אַ קורצער רעדע.

עס ווערען ערוויילט די פר. העסקעל, בר. 49, אַלס וויים־טשערמאַן און די פר. ס. יעלין, בר. 6, און ז. שפּייער, בר. 75, אַלס סעקרעטאַרען.

מיט דער פולער איינשטימיגקייט פון קאָנפערענץ ווערען פון טשערמאַן אַפּאָינטעט אַלס קרעדענשעל קאָמיטע די פר. נאכאמקין, בר. 500 ; פישמאַן, בר. 555 ; קלופּט, בר. 150 ; אייבראמס, בר. 43, און מאטלין, בר. 2.

פר. ל. בעצאהלער, סעקר. פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע, גיט דאַן אָפּ אַ פאָלשטענדיגען באַריכט פאַר דעם האַלב יאָר טעטיגקייט.

די דעלעגאַטען דריקען אויס זייער טרויער אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. ד. בעקער מיט אויפהייבען זיך פון זייערע פּלעצער.

עס ווערען דאַן געשטעלט פראַגען פון די פר. אָשינסקי, בר. 4 ; קראַוועצקי, בר. 6 ; גאָלדמאַן, בר. 4 ; דזשייקאָבס, בר. 11 ; סאַסקין, בר. 133 ; יאסקער, בר. 261, ראָזענבערג, בר. 645 ; שאַצקעלער, בר. 375 ; ראַסקין, בר. 548 ; לאַטקער, בר. 638.

פר. מ. איוועגסקי, דער טשערמאַן פון דער קרעדענשעל קאָמיטע, באַריכטעט: עס זיינען פאַרטראָטען 123 ברענטשעס דורך 225 דעלע־גאַטען, אויך 5 דעלעגאַטען פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע, 1 דעל. פון דער סיטי עדיוק. קאָמיטע, 2 דעלעגאַטען פון דער אָרג. קאָמיטע און 1 דעל. פון דער נאַצ. עקז. זיי רעקאָמענדירען צוצולאָזען אַלע דעלע־גאַטען מיט דער אויסנאַם פון פר. סעלמער, פון בר. 246, אויף דעם גרונד וואָס דער פריינד איז איצט אַ מעמבער עט לאַרדזש, און קען דעם ברענטש ניט פאַרטרעטען. אויף זיין פּלאַץ זאָל צוגעלאָזען ווערען פר. ליפּשיץ, פון בר. 246, אַלס סאָבסטיטוט. עס אַנטוויקעלט זיך אַ דעבאַטע וועגען דעם רעכט פון אַ מעמבער עט לאַרדזש צו פאַרטרעטען אַ ברענטש ביי קאָנפערענצען און קאָנווענשאָנס. דער טשערמאַן רולט, אַז אַ מיטגליד קען ניט פאַרטרעטען אַ ברענטש, ווען ער איז אַ מעמ־בער עט לאַרדזש.

פר. א. ראַפּאַלאָווסקי, בר. 88, אַפּעלירט געגען דער אַנטשיידונג פון טשערמאַן, און עס ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען די רולינג פון טשערמאַן מיט 113 שטימען פאַר און 34 געגען. דער גאַנצער באַריכט פון דער קרעדענשעל קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

עס ווערען פאָרגעזעצט אָנפראַגען צום באַריכט און די פאָלגענדע פריינד אינטערפּעלירען:

מאריץ, בר. 673 ; ריגער, בר. 286 ; אקסען, בר. 331 ; גובינער, בר. 205 ; סיימאָנס, בר. 260, און קראַנץ, בר. 386.

פר. י. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע, ענט־פערט אויף אַלע פראַגען. אויף די פראַגען וועגען פינאַנצען ענטפערט פר. ל. בעצאהלער.

אַ פאָרשלאַג ווערט דאַן געמאַכט גוטצוהייסען דעם באַריכט און באַדאַנקען די סיטי אָרג. קאָמיטע פאַר זייער אַרבייט, מיט 111 שטימען פאַר און 38 געגען ווערט דער רעפּאָרט גוטגעהייסען און די סיטי אָרג. קאָמ. ווערט באַדאַנקט פאַר איר אַרבעט.

פר. ל. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. אָרג. קאָמיטע, באַ־גריסט דאַן די דעלעגאַטען און דריקט אויס זיין דאַנק און צופרידענ־הייט צו דער אַרויסגייענדער סיטי אָרג. קאָמיטע.

עס ווערט דאַן געמאַכט נאָמינײשאָן פאַר אַ 15־נער קאָמיטע.

אַ פראַגע ווערט געשטעלט צום טשערמאַן, אויב דעלעגאַטען פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע צו דער קאָנפערענץ, וואָס פאַרטרעטען ניט קיין ברענטשעס, האָבען אויך אַ דעכט ערווילט צו ווערען אין דער 15־נער קאָמיטע.

דער טשערמאַן לעזט דאַן פאָר אַרטיקעל 18, פּאַראַגראַף 3־9:

2) די סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס ווערען ערוויילט ביי יערליכע קאָנפערענצען פון ברענטשעס פון די באַטרעפענדע דיסטריקטען אָדער טעריטאָריען איינבאַרופען דורך דער עקזע־קוטיוו קאָמיטע.

3) יעדער ברענטש שיקט איין דעלעגאַט צו דער קאָנפע־רענץ, וואו די סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעס ווערען ערוויילט.

און ערקלערט אויף דיזען גרונד, אַז בלויז דעלעגאַטען, וואָס פאַר־טרעטען ברענטשעס, קענען ערוויילט ווערען.

פר. נ. פיינערמאַן אַפּעלירט געגען דער אַנטשיידונג פון טשערמאַן. ער ערקלערט, אַז דער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע זאָגט בלויז, אַז די, וועלכע דאַרפען שטימען און ערווילען די 15־נער קאָמיטע, דאַרפען זיין דעלעגאַטען פון ברענטשעס. דאָס זאָגט אָבער ניט פאַר קיין פאַל, אַז די ערוויילטע מוזען זיין פאַרטרעטער ביי ברענטשעס. דער פּונקט איז, אַז ביז דער איצטיגער קאָנפערענץ האָבען מיר זיך געפירט, אַז אויך דעלעגאַטען, וואָס פאַרטרעטען די סיטי אָרג. קאָמיטע, פלעגען ערוויילט ווערען, און אין אַ. ר. איז אַ מנהג כמעט ווי אַ דין, די דעלעגאַטען פון דער סיטי אָרג. קאָמיטע האָבען זיך געשטיצט אויפ'ן דאָזיגען מנהג און זיינען דארום ניט געלאָפען אין זייערע ברענטשעס אַלס דעלעגאַטען. עס איז דעריבער ניט לאָגיש אַוועקצורויבען דאָס רעכט ביי די איצטיגע דעלעגאַטען. מען קען אַזאַ געזעץ אָננעמען פאַר די קומענדע קאָנפערענצען.

באַשלאָסען, מיט 74 געגען 64, גוטצוהייסען פר. פיינערמאַנס אַפּיל.

פאָלגענדע 15 דעלעגאַטען ווערען ערוויילט אין דער סיטי אָרג. קאָמיטע: בעצאהלער, בר. 42 — 112 שטימען ; י. דינערשטיין, בר. 99 — 95 שטימען ; י. עבעריל, בר. 43 — 92 שטימען ; ז. שפּייער, בר. 75 — 88 שטימען ; י. געללער, בר. 99, 86 שטימען ; ב. וואלאָוויץ, בר. 43 — 84 שטימען ; א. מאטלין, בר. 2 — 82 שטימען ; זאַק, בר. 74 — 86 שטימען ; באקסער, בר. 600 — 72 שטימען ; א. לעף, בר. 149 — 75 שטימען ; פלאקס, בר. 8 — 60 שטימען ; א. יאסער, בר. 336 — 60 שטימען ; י. זעלניק, בר. 210 — 55 שטימען ; י. מילער, בר. 149 — 55 שטימען ; ה. סאליוויאף, בר. 25 — 60 שטימען.

ס. יעלין, בר. 6, ז. שפּייער, בר. 75, סעקרעטאַרען.




מיר דריקען אויס אונזער טרויער איבער דעם פריציייטיגען טויט פון די פאָלגענדע פר., מיטגלידערס פרויען, פעני טייכער און גאָלדע ווינער, און אויך אויף דעם פריציייטיגען טויט פון פר. בנימין פאַרמאַן, און פילען מיט די פאַרלוסטען, וואָס די פאַמיליעס האַבען געהאַט. מידעל־ווילעדזש בר. 546 אַ. ר.

---

די ניו־יאָרקער סיטי אָרג. קאָמיטע באַדויערט דעם פריציייטיגען טויט פון פר. ב. בעקער, אַ מיטגליד פון דער סיט קאָמיטע. מיר דריקען אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

ל. בעצאהלער, סעקר.

---

מיר באַדויערען זייער דעם אומגליקספאַל וואָס האָט געטראָפען מיט אונזער פריינד א. אריעל'ס קינד, וואָס איז דער'הרג'עט געוואָרען אויף אַ שוידערליכען אופן. מיר פילען מיט די עלטערן אין די מאָמענען פון זייער טיפען טרויער.

א. רוסאק, פינ. סעק.; א. קאפּלאן, רעק. סעק., בר. 13 אַ. ר.

---

מיט טיפע שמערצען און מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ שטייען מיר, מיטגלידער פון קאמענעצער פּאָד. יאָנג פרענדס בר. 330 אַ. ר., און טרויערען אויף דעם פאַרלוסט פון אונזער פר. מאקס וויינער, וואָס איז אַזוי יונג געפאַלען אַלס קרבן פון דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט שבת דעם 22־טען אַפּריל 1922.

א. קרוימער, פינ. סעק., בר. 330 אַ. ר.

---

מיט געבויגענע קעפּ און טרויעריגע הערצער באַדויערען מיר דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער פריינדין דבורה מאלדאוואן, די פרוי פון אונזער עקס רעק. סעק. הערי מאלדאוואן. זי איז געשטאָרבען אין עלטער פון 30 יאָר און געלאָזען 3 קליינע קינדער.

יעקב פּרוזאנסקי, האָספּ., סעם. קאזעל, סעק. בר. 205 אַ. ר.

---

מיר, מיטגלידער פון קאַמענעץ־פּאָד. פּראָגרעסיוו יאָנג פרענדס, בר. 330 אַ. ר., באַדויערען פון טיפען האַרצען דעם פריציייטיגען טויט פון דער פרוי פון אונזער מיטגליד און פריינד דזשאָ קאַץ. מיר דריקען אויס אונזער מיטגעפיל און טיפסטע סימפּאַטיע צו דער פאַמיליע און קינדער. מרס. ראָזא קאַץ איז געשטאָרבען דעם 6־טען אויגוסט און באַערדיגט געוואָרען אויף מאונט חברון סעמעטערי אויף דער קרקע פון אַ. ר. מיר ווינשען פון טיפען האַרצען אַז די פאַמיליע זאָל שוין זיין באַהיט פון צער.

א. קרוימער, סעק.

---

אַזוי ווי אונזער פריינד מאָרים איזיבערסאָן, אַן אַלטער און געטרייער מיטגליד פון אונזער ברענטש אַ. ר., און זיין פאַמיליע געפינען זיך אין שרעקליכען טרויער דורך דעם טויט פון דער פיל־געליבטער בעללא איזיבערסאָן, אונזער פריינדס טאָכטער, וואָס איז דערטרונקען געוואָרען אין אוואסקא לייק דעם 24־טען יולי, ווינשען מיר, די מיטגלידער פון בר. 274, אויסצודריקען אונזער גרויסען באַדויערען און הערצליכסטע סימפּאַטיע צו אונזער פריינד און דער פאַמיליע אין דעם גרויסען אומגליק, וואָס זיי האָט זיי געטראָפען.

הענרי קורטץ, סעק.

---

מיר באַדויערען דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער מיטגליד סעם בראָון, פלוצלונג געשטאָרבען דעם 5־טען אויגוסט פון האַרץ־שלאַג, אין עלטער פון 33 יאָר. אונזער סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינד, און מיר האָפען אַז די וואונד, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרען פון דעם טויט פון דעם מאַן און פאָטער פון זיין קינד, וועט זיך מיט דער צייט פאַרהיילען.

בר. 133 אַ. ר. מאריס שאַפּירא, פינ. סעק.

---

מיט געבויגענע קעפּ און געבראָכענע הערצער באַדויערען מיר דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער באַליבטען פר. און דעלעגאַט פון דער דיסטריקט קאָמיטע פר. שוואַרץ פון בר. 380, עלענטאון, פּא. מיט דעם פאַרלוסט פון פר. שוואַרץ האָבען מיר פאַרלאָרען איינעם פון אונזערע טיכטיגסטע מיטגלידער. אונזער טרייסט און סימפּאַטיע צו דער אלמנה מיט די קינדער.

סעם ליבערמאַן, לעסטער פּאָליאַקאָף, קאָמ.

---

מיר, די מיטגלידער פון י. ל. פּרץ בר. 573 אַ. ר., פאַרזאַמעלט ביי אונזער מיטינג פרייטאג דעם 15־טען סעפּטעמבער 1922, דריקען אוים אונזער טיפען טרויער צו אונזער פריינד הערי ל. קרעממערמאַן אויף דעם פאַרלוסט פון זיין ליבער מוטער. מיר ווינשען אים פאַר ווייטער מער נישט צו האָבען אַזעלכע טרויעריגע צופאַלען.

י. ל. פּרץ בר. 573 אַ. ר., סט. פּאול, מיננ. ת. ליפשיץ, ל. ליוויי, קאָמיטע.

---

די „נעמיראָווער עדיוקיישאָנאל ליג", בר. 411 אַ. ר., דריקט אוים איר מיטגעפיל צו דער אלמנה פון יונג פאַרשטאָרבענעם פריינד דזשאָזעף וואלאך ע"ה. מיר זיינען טיף גערירט פון זיין יונגען טויט. זאָל אים צו ערד גרינג זיין.

שערמאַן, סעק.

---

ביי אַ גוט־באַזוכטען מיטינג, אָפּגעהאַלטען דעם 18־טען אויגוסט, 1922, אין פאָרווערטס בילדינג, האָבען מיר געערט אונזער יונג־געשטאָרבענעם מאקס ליוויי, געלעבט אַ געמוטשעטען אַרבייטער־לעבען, געשטאָרבען פון דער אַרבייטער־פּלאָג — שווינדזוכט.

שלאָף רואיג, אומגליקליכער פריינד, מיר וועלען דיר געדענקען.

מיר דריקען אויך אוים מיטגעפיל צו דער אַלמנה און יתומים.

קרינקער בר. 389. לואיס שיין, רעק סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 718 אַ. ר., דריקען אוים אונזער טיפסטען מיטגעפיל צו אונזער פריינד א. צאָדעקער אויף דעם פריציייטיגען טויט פון זיין יונגער פרוי.

אונזער טיפסטע סימפּאַטיע פאַר זיי דריי קינדערלאַך.

א. פרימאן, רעק. סעק.

---

מיט אַרונטערגעבויגענע קעפּ און מיט אַ ווייטאָג אין האַרצען באַדויערען מיר זייער שטאַרק דעם פריציייטיגען טויט פון אונזער בעליבטען פריינד און טעטיגען מיטגליד סעם סיימאָן, וואָס איז אַוועקגעריסען געוואָרען פון אונז דעם 25־טען יולי, 1922.

סמאָרגאָנער און אומגעגענד בר. 285. איוב ציפּקין, סעק.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 8 אַ. ר., דריקען אוים אונזער טרויער אויף דעם פאַרלוסט פון אונזער מיטגליד און פריינד דייוויד דייוויס און אונזער סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

פאַר בר. 8 אַ. ר.,
א. שטיינבערג, פינ. סעק.

# באַריכט פון דער דריטער סאוט-איסטערן אַרב. רינג קאָנפערענץ

אפגעהאַלטען דעם 3־טען און 4־טען סעפּטעמבער, 1922, אין דזשעקסאָנוויל, פלאָ.

עס זיינען אנוועזענד 16 דעלעגאַטען, וואָס פאַרטרעטען 8 ברענטשעס, און עטליכע געסט.

מיט ענטוזיאַזם ווערען אויפגענומען אַ גאַנצע רייע טעלעגראַפישע און שריפטליכע באַגריסונגען: פון בר. 303, אטל. פרויען קלאָב, בר. 312, בר. 383, בר. 495, טשאַטאַנוגא פרויען קלאָב, בר. 207, פר. מ. י. מערלין, פר. מ. פעלדמאַן, פר. פ. בלאַק, געהילפס דיסט. סעק., פר. י. באַסקין, געג. סעקרעטאַר, און י. ב. ביילין, דירעקטאָר בילדונגס־דעפּאַרטמענט, אין וועלכע אַלע ווינטשען ערפאָלג דעם צוזאַמענפאָר און שטרייכען אונטער, אַז אין אַ. ר. איז פאַראַן פּלאַץ פאַר אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען און אַפּעלירען פאַר האַרמאָנישער קאָנסטרוקטיווער אַרבייט.

פר. נ. בערג, דיסט. סעק., גיט אָפּ אַ פולען באַריכט פאַר דעם גאַנצען יאָר אַרבייט. דער באַריכט איז אַ רעקאָרד פול מיט טעטיגקייט, די וויכטיגסטע וועלכע זיינען: קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער, הילף צו די ברענטשעס אין דער פאָרם פון באַזוכען זיי און אַרויסהעלפען אין לאָקאַלע אונטערנעמונגען, רעליף דרייווס, אויפקלערונגס־קאַמפּיין פון אַ. ר. שולען, פאַרשפּרייטונג פון אַ. ר. ליטעראַטור, אָרגאַניזירונג פון דער רעדנער ביוראָ, דריי לעקטשור־טורס, און אַ רייע קלענערע אונטערנעמונגען. פאַר דער אויספירונג פון די אַלע אַרבייטען, האָט ער אַרויסגעשיקט 301 איינצעלנע בריף און 9 צירקולאַרען.

דערבאַריכט ווערט איינשטימיג גוטגעהייסען מיט אַ דאַנק.

די באַריכטען פון די ברענטשעס און די פרויען־קלובען זיינען אויסגעהערט געוואָרען מיט גרויס אינטערעס און פאַרהאַנדעלט געוואָרען. עס האָט זיך פון זיי פאַנאַנדערגעוויקעלט אַ שיין בילד פון אויפטואונגען אין אַלע געביטען און קאַמפּיינס, וואָס דער אַ. ר. האָט אַנגעפירט פאַר'ן לעצטען יאָר.

## באַשלוסען וועגען ארגאַניזאַציאָנס פאָנד

ס'איז די פליכט פון די באַאַמטע און אַלע מיטגלידער פון בר. צו קריגען פאַרבינדונגען אין נאָענטע צו זיי שטעט, און די אַדרעסען לאָזען וויסען דעם דיסט. סעק. פאַר דער גרינדונג פון נייע ברענטשעס.

דער קאַמפּיין פאַר נייע מיטגלידער זאָל מיט דער הילף פון דיסט. סעק. און בר. באַאַמטע אויך אויף ווייטער אָנגעהאַלטען ווערען. עס ווערט איבערגעלאָזען פאַר די ברענטשעס צו צופּאַסען דעם קאַמפּיין צו די לאָקאַלע אומשטענדען.

קיין מיטגליד זאָל ניט געשטראָכען ווערען איידער ער ווערט באַזוכט פון אַ קאָמיטע.

פון די $150, וועלכע די נאַצ. אָרג. קאָמיטע האָט באַווילינט פאַר די אויסגאַבען פון דער קאָנפערענץ, זאָל $100 אַוועקגעגעבען ווערען צו דזשעקסאָנוויל בר. און $50 זאָל געהאַלטען ווערען אויף אַ פאָנד פאַר אַמימיאָגראַף פאַר'ן דיסט. סעק.

די אויסגאַבען פון די דעלעגאַטען און דיסט. סעק. צו דער קאָנפערענץ זאָל צעוואָרפען ווערען אויף די ברענטשעס, לויט זייער צאָל מיטגלידער, פרויען און מענער, פון 1־טע, 2־טע און 4־טע קלאַסען. (אָנמערקונג: דער באַשלוס איז אויך גילטיג פאַר דער איצטיגער קאָנפערענץ.)

די דעלעגאַטען קריגען באַצאָלט ניט מער ווי פאַר אַ טריין־טיקעט, פולמאַן, האָטעל. (אָנמערקונג: דער באַשלוס איז אויך גילטיג פאַר דער איצטיגער קאָנפערענץ.)

די ברענטש סעקרעטאַרען מוזען אַריינשיקען דריי־מאָנאַטליכע באַריכטען צום דיסט. סעק. פון זייערע בר. צושטאַנד און טעטיגקייט.

דער דיסט. סעק. מוז אַרויסשיקען 4־מאָנאַטליכע באַריכטען צו אַלע מיטגלידער וועגען דעם צושטאַנד און טעטיגקייט פון דער גאַנצער טעריטאָריע.

די בר. סעקרעטאַרען דאַרפען אַריינשיקען די אַדרעסען פון די מיטגלידער פון דער עקז. צום דיסט. סעק.

די פאַרנאַכלעסיגונג פון די בר. סעקרעטאַרען אין קאָרעספּאָנדענץ מיט'ן דיסט. סעק. זאָל באַטראַכט ווערען, ווי די פאַרנאַכלעסיגונג פון בר. אַרבייט.

די בר. סעקרעטאַרען זיינען פאַרפליכטעט צו לאָזען וויסען דעם דיסט. סעק. פון שווינדלער, וועלכע, אונטער אַ מאַסקע פון ראַדיקאַליזם, באַרויבען ניט נאָר די בר. קאַסעס, נאָר אויך פּריוואַטע מיטגלידער.

דער דיסט. סעק. מוז די וואַרנונג צושיקען אין די ברענטשעס פון טעריטאָריע.

דער דיסט. סעק. זאָל אַרויסשיקען פראַגען צו אַ רעפערענדום דורך דעם פאַרלאַנג פון ניט ווייניגער ווי צוויי ברענטשעס.

פראַגען, וועלכע זיינען שוין איינמאָל פאַרהאַנדעלט געוואָרען אויף דער לעצטער קאָנפערענץ און דורכגעגאַנגען אַ רעפערענדום, קענען ניט אַרויפגעבראַכט ווערען אַ צווייטען מאָל צו אַ רעפערענדום ביז דער קומענדער קאָנפערענץ אין 1923.

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע צו שליכטען די צוויסטיגקייטען אין דזשעקסאָנוויל בר. פאָלגענדע ווערען ערוויילט: א. שניידער, ה. סאָקאָל, א. לאַנדאוי און נ. בערג.

## בילדונגס־אַרבייט

דער דיסט. סעק. מיט די ברענטש עקזעקוטיוועס זאָלען אויף ווייטער אָנפירען אַ קאַמפּיין צו גונסטען אַ. ר. שולען אין דער סאוט.

די ברענטשעס זאָלען ערוויילען קאָמיטעס, וועלכע זאָלען אויסאַרבייטען פּלענער פון פאַרוויילונגען אין די ברענטשעס פאַר'ן גאַנצען יאָר.

די בר. סעקרעטאַרען זיינען פאַרפליכטעט צו לאָזען וויסען אין צייט דעם דיסט. סעק. פון אַלע לאָקאַלע אונטערנעמונגען איידער זיי ווערען אַראַנזשירט.

דער דיסט. סעק. מיט די בר. עקזעקוטיוועס זאָלען סיסטעמאַטיזירען די לאָקאַלע און טעריטאָריעלע אונטערנעמונגען אַזוי, אַז איינע זאָלען ניט שטערען די צווייטע.

דער דיסט. סעק., מיט דער הילף פון די בר. סעק., זאָלען פאַרשפּרייטען אַלע פאַמפּלעטס אַרויסגעגעבען פון אַ. ר. בילדונגס־דעפּט.

דער דיסט. סעק. זאָל אויסשרייבען ביכער פון אַ. ר. פאַרלאַג און דורך ערוויילטע קאָמיטעס צו פאַרקויפען צו די מיטגלידער.

די לאָקאַלע רעדנער־ביוראָ מוז אומבאַדינגט אָנפאַנגען צו פונקציאָנירען, און דורך וועלכער דער דיסט. סעק. זאָל אָרגאַניזירען קורצע טורס אין דער טעריטאָריע.

דער דיסט. סעק. זאָל אַראַנזשירען דורך דעם ווינטער דריי לעקטשור־טורס: איינעם דורך דעם אַ. ר. בילדונגס־דעפּאַרט., איינעם דורך דעם סאָציאַליסטישען רעכטען פליגעל און איינעם דורך דעם סאָציאַליסטישען לינקען פליגעל.

ווען דער דיסט. סעק. פאַנגט אָן די פאַרהאַנדלונגען מיט די אָפּיסעס, זאָל ער צוגלייך שרייבען וועגען דעם צו די ברענטשעס.

די לעצטע נאָטיס צו די ברענטשעס פון דיסט. סעק. בלייבט אויך ווי פריער, 5 טעג צייט.

עס ווערט אויך אנערקענט, ווי פריער, די וויכטיגקייט פון לעקטשור טורס, און לעקציעס קענען בלויז צוריקגעוויזען ווערען אין אויסערגעוויינליכע צופאַלען.

## רעזאָלוציעס

נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז די דערציאונג פון דער יוגענט אין די סקאוטס־אָרגאַניזאַציעס איז אין געגענזאַץ צו אונזערע „פּרייהייטס־אידעאַלען" און קעגען אַמעריקאַנער פרייהייטס־טראַדיציעס — אינסטרואירען מיר דעם דיסט. סעק. צו פאַרבינדען זיך מיט דעם אַ. ר. בילדונגס־דעפּאַרטמענט און קריגען אַלע נייטיגע אינפאָרמאַציעס צו גרינדען אַ. ר. יוגענט־קלובען. די באַאַמטע און אַלע מיטגלידער זיינען אויפגעפאָדערט מיטצוהעלפען אין דער אַרבייט.

מיר אינדאָרסירען די פּיפּעלס רעליעף און פאַרפליכטען זיך איר צו שטיצען מאַטעריעל און מאָראַליש, אויך איז באַשלאָסען צו באַגריסען די פּיפּעלס רעליף קאָנווענשאָן טעלעגראַפיש.

מיר אינדאָרסירען די וויכטיגע אַרבייט פון דער „אַמאַלגאַמייטעד" אין דער גרינדונג פון דער „רוסיש־אַמעריקאַנישער אינדוסטריעלער קאָרפּאָראַציע" און אינסטרואירען דעם דיסט. סעק. צו פאַרבינדען זיך מיט דעם אָפיס פון דער קאָרפּאָראַציע און אָנפירען אַ קאַמפּיין אין די ברענטשעס פאַר דעם פאַרקויף פון די שערס. מיר פאָדערען אויך אויף די טוער, קיין אונטערשייד פון ריכטונג, דורכצופירען ערפאָלגרייך דעם קאַמפּיין.

מיר פאָדערען אויף דעם דיסט. סעק. און די בר. עקזעקוטיוועס אָנצופירען אַן אויפקלערונגס־קאַמפּיין פון די אַ. ר. פּרינציפּען, און אַז קיין אַ. ר. מיטגליד קען זיך ניט אין אירגענד וועלכער פאָרם בײַטיליגען אין וואַלען פון קאַנדידאַטען, לאָקאַלע אָדער נאַציאָנאַלע פון ניט סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

---

פר. נ. בערג באַריכטעט פון דער אונטערזוכונגס קאָם. וועגען דזשעקסאָנוויל בר., אַז דער גאַנצער טראָבעל שטאַמט פון מיספאַרשטענדניס, און אויך אַז דער בר. סעקרעטאַר האָט פאַרהאַלטען קאָרעספּאָנדענץ, וואָס זאיז געווען אַדרעסירט צום גאַנצען ברענטש. ער וואַרנט, אַז דער סעק. זאָל זיך אַזעלכעס מער ניט ערלויבען און אין דער צוקונפט זאָלען אַזעלכע סעקרעטאַרען שטרענג באַשטראָפט ווערען. ער אַפּעלירט צו די דזשעקסאָנוויל בר. פאַר שלום. דער באַריכט ווערט איינשטימיג גוטגעהייסען.

עס ווערט באַדאַנקט פר. נ. בערג, דיסט. סעק., פאַר זיין גוטער און אויך אַלע מיטגלידער, פאַר זייער אויסגעצייכנעטער אַרבייט, גרויסאַרטיגען באַנקעט און פאַר דער גאַסטפריינדליכער אויפנאַמע פון די דעלעגאַטען און געסט.

עס ווערט באַדאַנקט פר. נ. בערג, דיסט. סעק., פאַר זיין גוטער

איבערגעגעבענער אַרבייט אַלס דיסט. סעק און אַלס אַנערקענונג ווערט באַשטימט $30, צו פּרעזענטירען איהם מיט אַ גאָלדענעם זייגער.

מרס. בעסי מערלין (אַ גאַסט) ווערט אַפּאָינטעט צו קויפען דעם זייגער.

עס ווערען אויך באַדאַנקט: פר. י. באַסקין, גענ. סעק., מיט דער אָרג. קאָמ., אויך פר. בײלין, דירעקטאָר פון בילדונגס־דעפּט., מיט דער בילדונגס קאָמ., פאַר דער פולער אויפמערקזאַמקייט צו דער באַדערפעניש פון אונזער דיסטריקט.

איינשטימיג מיט בייפאַל ווערען ערוויילט: פאַר דיסטריקט סעקרעטאַר, פר. נ. בערג, אַטלאַנטא, גא. פאַר טשערמאַן, פר. א. לאַנדאווי, אַטלאַנטא, גא. פאַר געהילפס דיסטריקט סעקרעטאָר, פ. בלאַק, מעמפיס, טענג.

דער טשערמאַן, פר. פרימאַן, ערקלערט, אַז די געשעפטען פון דער קאָנפערענץ זיינען ערלעדיגט, און נאָך איניגע שלום־רעדעס פון דעלעגאַטען און געסט, ווי פר. סוואָטלאַר, מ. ראָז, און ריטשאַרדסאָן, ווערט די דריטע סאוט־איסטערן קאָנפערענץ געשלאָסען.

אין אַ געהויבענער שטימונג, מיט רעוואָלוציאָנערע לידער, צע־פאָרען זיך אַלע דעלעגאַטען מיט אַ פעסטען באַשלוס דורכצופירען אין לעבען אַלע באַשלוסען פון דער קאָנפערענץ.

סעקרעטאַריאַט: א. לאַנדאווי, נ. בערג.

## אַ באַריכט פון פּעטערסאָנער אַרב. רינג כאָר

זייט מיר עקזיסטירען איז נישט געווען קיין איין אַ. ר. אונטערנעמונג, אָדער פון אַנדערע אַרבייטער־אונטערנעמונגען, וואָס דער כאָר האָט נישט געזאָלט אויפטרעטען אַלס אַ גאַנצער, אָדער אַ טייל פון כאָר, ווי אויך איינצעלנע סאָליסטען, נישט בלויז אין פּעטערסאָן. עס איז אונז אויסגעקומען צו זיין איניגע מאָל אין נואַרק און אין פּאַסייק. מיר האָבען געשאַפען אַ רעפּערטואַר פון איבער 30 לידער — די גרעסטע צאָל אַרבייטער־לידער. לעצטענס האָבען מיר אַנגעשטעלט דעם באַוואוסטען קאָמפּאָזיטאָר אין כאָר־דיריגענט, מר. זאַנוויל זילבערטס. דער כאָר האָט זיינע ריהורסעלס יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. עס ווערט געלערנט גרופען־געזאַנג, ווי אויך נאָטען און שטימע־בילדונג. אַלע וואָס ווילען זיך פאַרשרייבען אין כאָר זאָלען זיך מעלדען יעדען מאָנטאָג. מיר גרייטען צו אַ גרויסען קאָנצערט, וואָס מיר ווילען האָבען אין אָנפאַנג דעצעמבער.

די עקזעקוטיוו פון פּעטערסאָנער אַרב. רינג כאָר.

## זאַמושטשער בר. 375 אַ. ר.

מיר האָבען דערהאַלטען אַ דאַנקס־בריף פון דער זאַמושטשער געזעלשאַפטליכער ביבליאָטעק און לעזע־זאַל „י. ל. פּרץ“. עס לעזט זיך: מיר האָבען דערהאַלטען 150 דאָלער, וואָס די זאַמושטשער אַרבעטער אין ניו־יאָרק האָבען געשיקט פאַר דער זאַמושטשער ביבליאָטעק אויפ'ן אַדרעס פון ה. י. בראַנדוויין. מיר דריקען אויס אונזער חבר'שען און ברידערליכען דאַנק צו די זאַמושטשער אַרבעטער אין ניו־יאָרק פאַר זייער אונטערשטיצונג. מיר ווינשען זיי ערפאָלג אין זייער ווייטערדיגער אַרבעט.

מיט חבר'שען גרוס,

די פאַרוואַלטונגס קאָמיטע.

א. קליגער, פאָרזיצענדער. ש. גאָלדשטיין, סעק.

## רעזאָלוציע

מיר, די מיטגלידער פון בר. 516 א. ר., דריקען אויס אונזערע וואַרימסטע געפילען צו אונזערע פריינד און מיטגלידער פון ברענטש, וו. וועלטמאַן, רבקה וועלטמאַן, י. קאָזלאָוו, הײמאַן גלאַזאָוו און סעם מאָסטאָוו, וועלכע פאָרען אָפּ אין דער ערשטער ווירקליך פרייער אַרבעטער־רעפּובליק סאָוויעט־רוסלאַנד. מיר ווינשען זיי אַ גליקליכע רייזע און מיר האָפען אַז זיי וועלען פאָרזעצען זייער טעטיגקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דאָרטען אַזוי גוט ווי דאָ.

מיט אַ. ר. גרוס,

רעז. קאָמ. אויגוסט בעבעל בר. 516:

נ. פויגין, י. שאַפּירא, ה. שניידערמאַן, ל. דרוקער, ע. מען.

## בריף־קאַסטען

ל. לעוו, סט. פּאָול: זעט אונזער ענטפער אין דעם לעצטען נומער „פריינד“ צו פר. מ. פּאָטאַש. אייער רעזאָלוציע וועט געדרוקט ווערען.

י. בערנשטיין: עס איז ניט דרוקבאַר אין אַלגעמיין און וואָס עס האָט איבערהויפּט צו טאָן מיט'ן אַ. ר.?

ב—ן: זייט אַזוי גוט און שרייבט נאָך אַמאָל אייער פולען נאָמען, וועלען מיר אייך אומקערען דעם מאַנוסקריפּט.

י. מ. שטאַרק, בראַנזוויל: לײדער איז עס אוממעגליך אין דער איצטיגער צייט. אפשר, ווען די געמיטער וועלען זיך אַביסעל באַרואיגען וועט עס קענען געטאָן ווערען.

נ. קאַפּער: די דאַנק־רעזאָלוציעס וועלען ערשט אַריין אין נאָוועמבער נומער.

# רעזאָלוציעס

## אָנגענומען פון דער נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען

### 1) וועגען אַלגעמיינע פראַגען

די נאַציאָנאַלע באָרד און דירעקטאָרען פון אַ. ר., פאַרזאַמעלט אויף זייער צווייטען צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען פון דעם 29־טען יוני ביז דעם 2־טען יולי 1922, באַטראַכטענדיג די לאַגע פון דעם אַ. ר., ווי דאָס איז באַריכטעט געוואָרען פון די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס, האָט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

מיר ווידערהאָלען נאָכאַמאָל אונזער שטאַנדפּונקט, וואָס מיר האָבען אויסגעדריקט אין אונזער רעזאָלוציע פון אונזער ערשטען צוזאַמענפאָר, אַז אין אַ. ר. דאַרפען מיר האָבען פּלאַץ פאַר אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג, און דעריבער דענקען מיר, אַז דער אַ. ר. דאַרף בלייבען נייטראַל אין אַלע פּאָליטיש־טאַקטישע פראַגען; נייטראַליטעט הייסט אָבער ניט צו לאָזען זיך שפּייען אין פּנים, און מיר באַטראַכטען דעריבער פאַר ציטמעסיג די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען ביי דער 22־טער יערליכער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ, און פּראָטעסטירען העפטיג געגען די מעטאָדען פון דער אידישער סעקציע פון דער וואָירקערס פּאַרטי, מעטאָדען, וואָס באַשטייען אין דעם וואָס די טויער פון אַ. ר. ווערען באַשמוצט און פאַרלוימדעט. די רעזאָלוציע דאַרף אונטערשטיצט ווערען פון אַלע לאָיאַלע טוער פון אַ. ר., וואָס ווילען בלייבען טריי זייער אָרגאַניזאַציע.

מיר ווילען אָבער אויסדריקליך זאָגען, אַז מיר פּראָטעסטירען געגען די מעטאָדען, אָבער ניט געגען אירגענד וועלכער ריכטונג. אויב די ריכטונג דריקט זיך אויס בלויז אין וואַרפען שמוץ, דאַן פאַרדאַמט די אידישע סעקציע פון דער וואָירקערס פּאַרטי זיך אַליין.

נעמענדיג אויך אין אַנבאַטראַכט, אַז זייטיגע אָרגאַניזאַציעס, באַשטייענד מייסטענס פון מיטגלידער וואָס האָבען מיט אַ. ר. קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן און זיינען ניט באַקאַנט מיט די אינערליכע אינטערעסען פון אַ. ר., וואַגען צו דיקטירען זייערע פּאָליסיס צו אַ. ר. מיטגלידער, באַטראַכטענדיג די פאָלגען וואָס קענען אַרויסקומען דערפון, פאָדערט אויף די נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע אָנצונעמען אַלע שטרענגע מיטלען געגען יענע מיטגלידער, אָדער ברענטשעס, וואָס וועלען האַנדלען ניט לויט אונזערע אָנגענומענע געזעצען און וועלען אויספאָלגען יענע שעדליכע מעטאָדען וואָס שטעלען אין געפאַר דעם אַ. ר.

מיר הייסען גוט די האַנדלונגען פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, וואָס זיינען ביז אַהער אויסגעפירט געוואָרען אום צו פאַרהיטען די גאַנצקייט פון אַ. ר., אָבער מיר ווילען זיי אויפמערקזאַם מאַכען אויף דעם, אַז די פאַראַנטוואָרטליכקייט אין דעם מאָמענט איז זייער גרויס, און די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו דאַרף ערפילען איר פליכט פאַר דעם וואוילזיין און בעסטען פון אונזער גאַנצער מיטגלידערשאַפט.

מיר אַפּעלירען צו אַלע מיטגלידער פון אַ. ר., אַז זיי זאָלען ניט פאַרגעסען וויפיל מיה, ענערגיע און זעלבסט־אויפּאָפּערונג עס האָט געקאָסט איידער מיר האָבען אָט די אָרגאַניזאַציע געשאַפען. זי איז איצט דער שטאָלץ פאַר דער אַרבייטער־וועלט. לאָזט ניט צו, אַז קלויזעל־פּאָליטיק זאָל ברעכען אונזער אָרגאַניזאַציע! מיר ווילען איינציגקייט צווישען די אַרבייטער־מאַסען און יעדע פּראָבע אָט די איינציגקייט צו צעברעכען איז נאָר אין די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען. אונזער מאַכט איז אין אַרבייטער־סאָלידאַריטעט. אין אונזער אָרגאַניזאַציע ספּעציעל, וואָס האָט מער אין זינען קולטורעלע אויפגאַבען ווי פּאָליטישע, דאַרפען געוויס קיין רייסעריייען ניט פאָרקומען.

### 2) וועגען שולען

די נאַציאָנאַלע באָרד און דירעקטאָרען פון אַ. ר., פאַרזאַמעלט אין ניו־יאָרק פון דעם 29־טען יוני ביז דעם 2־טען יולי 1922, האָט נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעהערט די באַריכטען פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועגען דער לאַגע פון די אַ. ר. שולען, אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט די וויכטיגקייט פון די עקזיסטירענדע שולען פאַר די מיטגלידער פון אַ. ר., דריקען מיר אויס אונזער צופרידענהייט וואָס די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע שענקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט אָט דעם וויכטיגען צווייג פון אַ. ר. נעמענדיג אויך אין אַנבאַטראַכט, אַז די פינאַנציעלע לאַגע פון די אַ. ר. שולען איז אין פיל ערטער אַן אומזיכערע צוליב דעם וואָס אַ סך פון אונזערע מיטגלידער שענקען זיי ניט די געהעריגע אויפמערקזאַמקייט און גיבען זיי ניט די געהעריגע שטיצע, — פאָדערען מיר אויף אַלע דירעקטאָרען צו העלפען דער דאָזיגער אַרבייט אין זייערע רעספּעקטיווע סטייטס. זאָלען זיי, צוזאַמען מיט די אַקטיווע טוער פון די ברענטשעס, זען שאַפען מיטלען צו באַפעסטיגען און אַנטוויקלען אָט די שולען.

מיר האָפען, אַז אַלע מיטגלידער פון אַ. ר. וועלען אונז העלפען שטעלען די אַ. ר. שולען אויף אַ פעסטען פונדאַמענט.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע נאַצ. באָרד און דירעקטאָרען.

מ. איוועגסקי, סעקרעטער.

# THE FRIEND



# דער פריינד

VOL. XIII. NOVEMBER, 1922 No. 1


## פון מאָנאַט צו מאָנאַט

### יער הונגער־סטרייק אין ונזער סאַניטאַריום

די פּאַציענטען פון א. ר. סאַניטאַריום האָבען דורכגעמאַכט אַ הונגער־סטרייק פון צוויי טעג. זיי אָבען געשטעלט אַן אולטימאַטום, אַז דער אַסיסטענט מענעזשער מוז אין 24 שטונדען פאַרלאָזען דעם סאַניטאַריום.

אַז אַזאַ הונגער־סטרייק זאָל פּאַסירען אין אַן אַרבייטער־ינסטיטוציע איז איינע פון די טרויעריגסטע ערשיינונגען. לייער איז דאָס ניט דאָס ערשטע מאָל, און דאָס ציינט, אַז אונערע פּאַציענטען זיינען נאָך ניט געקומען צו דער מדרגה, אויף ועלכע פאַראַנטוואָרטליכע און אָרגאַניזאַציאָנס־מענשען דאַרפען שטיין. די פאָדערונג איז געשטעלט געוואָרען אין אַזאַ פאָרמע ון עס האָט געמוזט דורכגעפירט ווערען אין אַזאַ קורצער צייט, אַז ווען זאָגאַר מען זאָל געברויכען די נייעסטע ערפינדונגען פון יער טעכניק, וואָלט עס געווען אַ פיזישע אוממעגליכקייט דורכ־ופירען. דער טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע האָט עהאַט מיט די פּאַציענטען אַ מיטינג זונטאָג בייטאָג. און די אָדערונג איז געוועזען, אַז ביז מאָנטאָג, 5 אַ זייגער נאָכמיטאָג, וז שוין דער אַסיסטענט מענעדזשער פאַרלאָזען דעם סאַניטאַ־יום. אונזערע פּאַציענטען ווייסען, אַז דער טשערמאַן אַליין ין ניט אימשטאַנד דורכצופירען זאַכען אין סאַניטאַריום. ער ארף זיך באַראַטען מיט זיינע קאָלעגען. ער האָט געדאַרפט ויפען אין ניו־יאָרק און אויפזוכען יעדען קאָמיטע־מאַן אין הויז און ברענגען זיי צו אַ מיטינג, באַראַטען זיך און ערשט דאַן אָנעמען אַ באַשלוס. ווען ער וואָלט זאָגאַר געברויכט אַן עראָפּלאַן, ואָלט די זאַך ניט געוועזען אַזוי לייכט דורכצופירען אין אַזאַ קורצער צייט. די קאָמיטע־לייט זיצען ניט אין אָפיס. זיי זיינען אַרבייטער, וואָלט מען זיי געדאַרפט אויפזוכען אין די פּלעצער, וואו זיי אַרבייטען. הייסט דאָס, אַז די פאָרמע פון דער פאָדערונג אַליין איז געווען אַן אומערהערטע, סקאַנדאַליעזע און אַ פאַרברעכערישע.

די טענות זיינען געוועזען, אַז אין די „לינטום“ איז ניט ריין ענוג, אַז דאָס עסען איז שלעכט און עס איז שמוציג, א. אַז. וו. נאָר דאָס זיינען דאָך טענות, וואָס דאַרפען אַרויסגעשטעלט ווערען געגען דעם הויפּט־מענעדזשער. ער איז דאָך פאַראַנט־וואָרטליך פאַר אַלץ, וואָס ס'קומט דאָרט פאָר. טאָ וואָרום איז דער אולטימאַטום געשטעלט געוואָרען געגען אַ „סאָבאָרדינייט“, איינער וועלכער נעמט אָרדערס פון דעם העכערען באַאמטען? נאָר אָנגענומען, אַז עס איז געווען אַ גרונד פאַר קלאָגען; אָנגענומען, אַז די לעצטע צייטען איז די ריינקייט אין די „לינטום“ ניט געווען פּאָלקאָם. צוליב דעם, וואָס מען האָט געמוזט איבערבויען דעם וואַסער־רעזערוואואַר, איז ניט אַלע מאָל געווען גענוג וואַסער אין די „לינטום“. וועמעס שולד איז דאָס געווען? די סאַניטאַריום קאָמיטע זיצט ניט אויף דעם פּלאַץ דאָרט און אַטענדעט צו דער אַרבייט אַליין. זי שיקט אירע מענשען, אינזשינירען און אַרבייטער, זיי זאָלען דערצו אַטענדען. און מען האָט געטאָן אַלץ אין דער וועלט אום די אַרבייט זאָל אָנגיין אַזוי שנעל ווי מעגליך. עס פאַרשטייט זיך, אַז אומבאַקוועמליכקייטען האָבען געמוזט געשאַפען ווערען אונטער אַזעלכע אומשטענדען. די פּאַציענטען האָבען געמעגט פאָדערען, אַז די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל טאָן אַלץ, וואָס מעגליך, צו מאַכען אַן ענדע צו דעם צושטאַנד. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט געטאָן אַלץ, וואָס זי האָט געקענט, און די קאָמיטע פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, וועלכע איז געקומען אין סאַניטאַריום ווען דער הונגער־סטרייק איז אויסגעבראָכען, האָט גלייך ערקלערט די סטרייקענדע פּאַציענטען, אַז זי איז געקומען אונטערזוכען די לאַגע און אויסגעפינען די איבלען און מאַכען דערצו אַן ענדע. עס פאַרשטייט זיך, אַז מען קען ניט מיט איין מאָל איינפירען דעם בעסטען אָרדער, אָבער זי האָט זיי גלייך פאַרשפּראָכען, אַז אַלץ וועט געטאָן ווערען אום צופרידענצושטעלען די פאָדערונגען פון די פּאַציענטען אויף וויפיל דאָס האָט צו טאָן מיט פאַרבעסערען דאָס עסען, איינפירען ריינקייט, און צופרידענשטעלען אַלע נויטבאַדערפונגען פון די פּאַציענטען. וואָס נאָך האָט די קאָמיטע זיי געקענט ערקלערען? און וואָס מער האָט די קאָמיטע געקענט טאָן אום צופרידענצושטעלען די פּאַציענטען? די פּאַציענטען, אָבער, האָבען געפאָדערט דעם קאָפּ פון דעם אַסיסטענט מענעדזשער. זיי האָבען געוואָלט דעם פונט פלייש אום צופרידענצושטעלען זייער דורשט און דאָס וואָלט קיין קאָמיטע פון וועלכער ניט איז אינסטיטוציע ניט געקענט נאָכגעבען.

אמת, אַז מיר זיינען אַ דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע; אמת, אַז די פּאַציענטען זיינען אַליין די באַלעבאַטים דאָרטען; אָבער די פאַרוואַלטונג פון סאַניטאַריום איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאָמיטע, ערוויילט פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט, און זי איז פאַראַנטוואָרטליך ניט נאָר צו די פּאַציענטען פון היינט, נאָר צו די פּאַציענטען וואָס וועלען אריין אין סאַניטאַריום. די דיסציפּלין מוז אין יעדער אינסטיטוציע געהאַלטען ווערען. מען קען ניט פירען די אינסטיטוציע לויט דעם קאַפּריז און לויט דעם געדאַנק פון יעדען איינעם פון די פּאַציענטען, פון די וואָס זיינען היינט אויף די גראַונדס און די וואָס וועלען זיין מאָרגען אָדער איבער־אַ־יאָר. מען קען ניט ארייננעמען אָדער אָפּזאָגען אָנגעשטעלטע, לויט די דיקטירונג און פאָדערונגען פון אַ פּאַציענט, אָדער פון פּאַציענטען אַלס אַ גאַנצע. און מען קען ניט אָפּזאָגען אַן אָנגעשטעלטען זאָגאַר אונטער דעם דרוק פון אַ הונגער־סטרייק פון די פּאַציענטען. וואָרום, זאָל מען דאָס ערלויבען, וועלען מיר האָבען פּילייכט יעדען מאָנאַט אַזעלכע הונגער־סטרייקס, ווייל איין אָנגעשטעלטער קען געפעלען ווערען דער גרופּע פּאַציענטען און אַן אַנדער אָנגעשטעלטער קען געפעלען אַן אַנדער גרופּע פּאַציענטען. די פּאַציענטען האָבען אַ פולע רעכט צו פאָדערען זייערס. זיי האָבען אַ רעכט צו פאָדערען, אַז זיי זאָלען קריגען די בעסטע און די שענסטע שפּייז. זיי האָבען אַ רעכט צו פאָדערען, אַז דער סאַניטאַריום זאָל געפירט ווערען אין בעסטען און שענסטען וועג. דאָס דאַרף און מוז געטאָן ווערען אין די אינטערעסען פון די פּאַציענטען און אין די אינטערעסען פון דער אינסטיטוציע גופא. דאָס האָט מען פאַרשפּראָכען און דאָס באַמיט זיך די עקזעקוטיווע אימער דורכצופירען, און וועגען דעם איז ניט געווען קיין נויטווענדיגקייט צו סטרייקען. דער סטרייק איז געווען אַ טרויעריגע ערשיינונג און אַ מיספאַרשטענ... ...ער פּילייכט אַ מאַכינאַציע פון פּערזאָנען, וואָס הז... ...אָט געוויסע פּערזענליכע אינטערעסען אום פּטור צו וו... ...ין אַ פּערזאָן. דער סטרייק איז אָבער ניט געווען אין די ... ...ען פון דער אינסטיטוציע

און ניט אין די אינטערעסן פון די פאציענטען גופא. ער איז פון אנפאנג ביז דעם סוף געוועזן פארברעכעריש, סיי אין דער פארמע פון דעם אולטימאטום, סיי אין דער פאדערונג אליין.

דאס צייגט, אז לײדער האבען מיר נאך ביי אונז אין דעם א. ר. עלעמענטען, וועלכע רעכענען זיך ניט מיט די אינטערעסען פון זייער ארגאניזאציע, נאר מיט זייערע אייגענע אמביציעס, און זיי זיינען גרייט צו שעדיגען דעם נאמען פון דער ארגאניזאציע, אויב עס וועט נאר דינען זייער צוועק צו דיסקרעדיטירען די פארוואלטונג פון א. ר. זיי שטעלען זיך ניט אפ פאר קיינע ליגענס און רכילות, און מען גייט אזוי ווייט, אז מען שרייבט אריין א פאסקוויל, אז אין סאניטאריום ווערט אנגעווענדט דער ערגסטער סוועט־שאפ סיסטעם געגען די ארבייטער.

ליגנער און פארלוימדער קענען אזעלכע זאכען שרייבען און לייכטגלויביגע, נאאיווע קענען אזעלכע זאכען דרוקען. וואלט די „פרייהייט", וועלכע האט געדרוקט אט דעם פאסקוויל, געפילט די קלענסטע פאראנטווארטליכקייט, וואס יעדע אנשטענדיגע צייטונג באזיצט, וואלטען זיי דעם דאזיגען פאסקוויל ניט געדרוקט, ניט אנפרעגענדיג זיך פריער ביים גענעראל־אפיס. פיל אנדערע צייטונגען, זאגאר באלעבאטישע, פלעגען קריגען אינפארמאציעס וועגען אונזער סאניטאריום. זיי פלעגען אבער קיינמאל ניט וואגען צו דרוקען איידער זיי האבען זיך אנגעפרעגט אין אפיס. דאס איז די עלעמענטארסטע עטיק, וואס יעדע פאראנטווארטליכע צייטונג דארף האבען. די „פרייהייט" באזיצט דאס ניט. זי איז געווארען דער נעסט פון פארלוימדער, פון אלע די, וואס זוכען צו באשמוצען די פארוואלטונג פון א. ר. מיר פארגינען זיי דעם פארגעניגען פונ'ם גאנצען הארצען.

מיר ערקלערען נאך אמאל צו די מיטגלידער פון דעם א. ר., אז די עקזעקוטיוו קאמיטע און די סאניטאריום קאמיטע האבען געטאן און טוען אימער זייער פליכט צו האלטען די סאניטאריום אויף דער מדרגה, אויף וועלכער זי דארף שטיין. די מיספארשטענדנישען, וואס ווערען געשאפען, באמיט מען זיך אפצושאפען אזוי שנעל ווי מעגליך. דער הונגער־סטרייק האט ניט געטארט זיין אויף אונזערע גראונדס, און מיר האפען, אז דאס איז דער לעצטער, וועגען וועלכען מיר וועלען דארפען שרייבען.

* * *

**„די א. ר. דעלעגאציע קיין רוסלאנד".**

דער באשלוס פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר. צו שיקען א דעלעגאציע קיין סאוויעט־רוסלאנד וועט אן צווייפעל ארויסרופען אן איבערראשענדע פרייד צווישען אונזער ברייטער מיטגלידערשאפט. דאס איז א נייעס אין דעם א. ר. — און א נייעס צום גוטען. מיר מוזען מודה זיין, אז ביי אונז אין ארדען האט ביז דער לעצטער צייט געהערשט א מין „מאנראו דאקטרין". מיר האבען זיך אפגעהאלטען פון שיקען וועלכע עס איז פארטרעטער אין איראפא פאר דעם אדער פאר יענעם צוועק. מיר האבען כמעט ווי איגנארירט, מיט דעם אויסנאם פון איין פאל, ווען מיר האבען ערוויילט גענ. מאיר לאנדאן אין 1914 אלס אונזער פארטרעטער צו דעם אינטערנאציאנאלען סאציאליסטישען קאנגרעס אין ווין, איינציגע באדייטענדע קאנגרעסען, וואס זיינען גערופען געווארען אויף יענער זייט פון דעם אטלאנטיק. ניט לאנג צוריק האט זיך אונזער עדיוקיישאנאל קאמיטע אפגעזאגט צו שיקען דעלעגאטען צו דעם געפלאנטען אידישען קולטור־קאנגרעס אין בערלין, ווייל זי האט גערעכענט, אז מיר האבען ניט קיין וויכטיגע געמיינשאפטליכע אינטערעסען אויף דעם קולטורעלען געביט, וואס קענען געמיינשאפטליך געלייזט ווערען. דא איז ניט די פראגע, צי דער באשלוס איז געוועזן א גערעכטער אדער ניט. אן ספק, אבער, האט דא געווירקט דער אויבענדערמאנטער גייסט.

די דעלעגאציע וואס אונזער נאציאנאלע עקזעקוטיוו קאמיטע שיקט אין רוסלאנד איז ניט נאר אום איבערצוגעבען די סימפאטישע געפילען פון דעם ארדען צו דער איינציגער ארבייטער־רעפובליק אין דער וועלט און זיין גרייטקייט צו טאן אלץ, וואס איז אין די ראמען פון מעגליכקייטען אויף דעם רעליף־געביט, נאר אויך צו פארענדיגען די אנגעהויבענע ארבייט פאר דעם האספיטאל אין רוסלאנד. מיר ווייסען שוין פון ערפארונג, אז מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שארען. דער האספיטאל־פאנד איז געקליבען געווארען מיט גרויס אנשטרענגונג — עס איז דאך ניט געוועזן דער איינציגער פאנד, וואס מיר האבען אין דער זעלבער צייט געזאמעלט — און עס וואלט געווען פשוט א פארברעכען, אויב מיר וואלטען ניט געזוכט צו עקאנאמיזירען אזוי פיל ווי מעגליך אין דער אויפקויפונג פון די מאטעריאלען, וואס זיינען נייטיג אויסצושטאטען דעם האספיטאל.

די פריינד ר. גוסקין און י. וויינבערג, וואס זיינען אויסגעקליבען געווארען אין דער דעלעגאציע, זיינען אלטע פראקטישע טוער, ניט נאר אין דעם א. ר., נאר אויך אין דער אלגעמיינער ארבייטער־באוועגונג. זיי וועלען אליין, און טיילווייז אונטער זייער פערזענליכער אויפזיכט, אויפקויפען פון די ערשטע קוועלען די פארשידענע מאטעריאלען, אזוי אז קיין קאמיסיאנערען און אגענטען זאלען דערביי ניט קענען אנווארעמען די הענט. ניט נאר וועט שוין דערביי איינגעשפארט ווערען די הוצאות פון די דעלעגאטען, נאר מען קען אויך האפען, אז עס וועט זיך נאך אפשטעלען א היבשע עקאנאמיזירטע סומע. א חוץ דעם וועלען זיי דאך שוין אויך מיטפירען די איבעריגע סומעס פאר דעם רוסישען הונגער־רעליף. צוזאמען וועט עס זיין א שיינע ברידערליכע מתנה פון ארום 40 טויזענט דאלאר.

דער א. ר. האספיטאל וועט געעפענט ווערען אין האמעל. די שטאט איז איצט א באדייטענדער אידישער ארבייטער־צענטער אין סאוויעט־רוסלאנד. מיר קענען זיך פארשטעלען די פרייד און באגייסטערונג פון די אידישע ארבייטער אין האמעל צו זען מיט זייערע אייגענע אויגען די פארטרעטער פון א. ר. און קענען דורך זיי דירעקט איבערגעבען זייערע ברידערליכע געפילען צו דעם גרויסען אידישען ארבייטער־ארדען. מיר צווייפלען ניט, אז די פעדים, וואס האבען אונז ביז איצט פארבונדען, וועלען דורך דעם באזוך פון אונזער דעלעגאציע נאך מער פארשטארקט ווערען. א געגענזייטיגע ווירקונג, א נעגענזייטיגע פארשטענדיגונג, וואס זאל ניט קענען אויסגעטיימשט ווערען ניט בייזוויליג און ניט לייכטזיניג, וועט זיך געוויס איינשטעלען.

אונזערע ברענטשעס וועלען זיך אבער איצט דארפען גלייך נעמען צו דער ארבייט און שאפען די סומעס פאר דעם האספיטאל, וואס זאל זיי ניט דארפען פארשעמען: די ברענטשעס, וואס האבען נאך ביז איצט ניט אריינגעשיקט דאס געלט, וואס זיי האבען שוין אנגעקליבען פאר דעם צוועק, מוזען עס גלייך טאן. דער פאנד מוז ווערען נאך גרעסער. אונזער ביישטייערונג פאר דעם האספיטאל מוז זיין א ווירדיגע, ווי עס פאסט פאר דעם א. ר.

מיר זיינען זיכער, אז די דעלעגאטען וועלען מיטנעמען מיט זיך, ניט נאר די טויזענטער דאלאר, וואס זיינען געקליבען געווארען פאר דעם צוועק, נאר אויך די ברידערליכע געפילען צו אונזערע ברידער ארבייטער אין דעם לאנד פון דער סאציאלער רעוואלוציע.

* * *

**א מגפה, צי אפגעלאזענקייט**

די לעצטע עטליכע מאנאטען האבען געזען אן אויסערגעוויינליכע מזל־ברכה אין אונזערע שטרייך־ליכטען. נאך קיינמאל האט די געשיכטע פון א. ר. ניט פארצייכענט אזא מאסען־אפפאל אין אונזערע רייען. מיטגלידער, וואס זיינען אפגעוועזן אין א. ר. 10 יאר און אפילו 15 יאר, האבען ערלויבט ארויפצוציען אויף זייער נאמען דעם שווארצען טינט פון דער שטרייך־פעדער. מיטגלידער, פאר וועמען דער א. ר. האט שוין געדארפט ווערען א צווייטע נאטור, האבען זיך גרינג אפגעבראכען פון אונז, ווי א פארטריקענט בלעטעלע פון דעם בוים.

עס קענען זיין פיל השערות וועגען די אורזאכען פון דער

ערשיינונג. מעגליך, אז א גרויסער טייל פון די, וואס האבען זיך געלאזט שטרייכען, האבען דאס געטאן אנטקעגען זייערע טיפסטע וואונשען. זיי האבען ניט געקענט צאלען זייערע בילס, בלייבענדיג אן ארבייט, אדער זייענדיג אין סטרייק, כאטש אונזערע בילס זיינען אין פארגלייך מיט אנדערע ארדענס גאנץ קליינע. מעגליך, אז א געוויסער עלעמענט פון די, וואס־האבען זיך געלאזט שטרייכען, האלט, אז די סאציאלע רעוואלוציע קלאפט שוין אויף אונזערע טירען און עס איז שוין ניט נייטיג צו האבען אזא ארגאניזאציע ווי דער א. ר. עס איז ווידער אויך מעגליך, אז א געוויסער טייל האט זיך דערשראקען פאר די צוויסטיגקייטען און די אמפערנישען פון זייערע ברענטשעס און האט באשלאסען צוריקצוציען זיך פון דעם טומעלדיגען לעבען אין אן איינזאמען שטילען ווינקעל.

דער א. ר., אלס ארדען, איז גענוג שטארק און מעכטיג, אז די עטליכע טויזענט אפגעפאלענע זאלען ני טמאכען די מינדסטע ווירקונג אויף זיין מאכט און איינפלוס, אויף זיין פעסטקייט און זיכערקייט. פון דעם שטאנדפונקט, זיינען די רעזולטאטען פארקערטע: די פינאנציעלע מיטלען פון ארדען ווערען דורך א געוויסען אפפאל פון מיטגלידער פארשטארקט. אונזער וואליואיישאן ווערט באדייטענד פארהעכערט. אבער אזא ארגאניזאציע, ווי אונזערע, טאר ניט לאזען אזא טענדענץ אומבאמערקבאר. זי מוז באוואוסטזיניג רעאגירען אויף יעדער ערשיינונג. זי מוז אנאליזירען און אנטאפען דעם דופק פון יעדער נייער טענדענץ, וואס קומט ביי איר פאר.

צי דאס איז א מגפה, צי דאס איז די אפגעלאזענקייט פון די ברענטשעס אין דער לעצטער צייט — עפעס מוז גלייך געטאן ווערען אפצוהאלטען די ערשיינונג. אונזערע טוער אויף די ערטער אין די פארשידענע שטעט און ברענטשעס מוזען שטעלען די פראגע אין איר גאנצער ברייט און פארנעם אויף די ברענטש־מיטינגען. דורכרעדענדיג זיך וועגען דעם, קלערענדיג וועגען דעם, וועט מען זיך צו עפעס דעררעדען, וועט מען זיך צו עפעס דערטראכטען. זאלען אפפאלען די פארטריקענטע, פארוויאנעטע בלעטער. די, וואס האבען שוין ניט קיין שייכות מיט דעם ארבייטער־לעבען און מיט די ארבייטער־אידעאלען, מעגען אפפאלען. מיר מוזען אבער אונטער אלע אומשטענדען פארהיטען, אז קיין איין מיטגליד, וועמען דער א. ר. קען דינען און וועלכער קען אויך דינען דעם א. ר., זאל ניט פארלארען גיין פון אונז צוליב אונזער פארנאכלעסיגקייט און גלייכגילטיגקייט. אלע פון דעם עלעמענט, וואס האבען פארלאזט די לעצטע צייט אונזערע רייען, מוזען באזוכט ווערען, מוזען אויפמערקזאם געמאכט ווערען און מוזען גערופען ווערען צוריק אין די רייען.

זאל דאס זיין די אויפגאבע פון אונזערע ארגאניזאציאנס־קאמפיין קאמיטעס! זאל ווערען איצט דער סלאגאן אין אלע ברענטשעס: זאל דער ברענטש ניט צעקראכען ווערען! זאל קיינער ניט געשטראכען ווערען! עס איז שטענדיג בעסער איינצוהאלטען איין אלטען מיטגליד, איידער אריינצונעמען צוויי נייע. איין אייגען קינד איז שטענדיג ליבער, ווי צוויי אדאפטירטע. מיר דארפען דאס קיינמאל ניט פארגעסען.

* * *

**אין אייערע אייגענע הענט**

די א. ר. קאאפעראטיווע בעקעריי אין ניו־יארק איז שוין אן אלטע אינסטיטוציע, וועגען וועלכער מיר האבען שוין מערערע מאל געשריבען מיט עטליכע יאר פריער. דער וועג פון אלע קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען אין אמעריקא איז קיינמאל ניט געווען אויסגעלייגט מיט רויזען. אומערפארונג, ניט־צוגעגרייטקייט, א ניט־גינסטיגע אטמאספערע און אן אומבאוואוסטזיניגקייט פון דער געזעלשאפט ארום האבען שטענדיג שווער געמאכט די הענט פון די קאאפעראטיווע בויער און געלייגט שטיינער אויף זייער וועג. אויך די א. ר. קאאפעראטיווע אין ניו־יארק האט געהאט אירע ביטערע לעקציעס ביז דער לעצטער צייט. אנדערע האבען שוין זאגאר געצווייפעלט, צי זי וועט זיך ווען קענען דערקלייבען צו א זיכערען באדען. אנדערע האבען שוין געוואלט דערפון ציען א שלוס, אז קאאפעראציע איז אין אלגעמיין אן אנשיקעניש, פון וועלכער די ארבייטער קענען קיין נוצען ניט האבען.

עס וועט געוויס פרייען אלע די, ביי וועמען קאאפעראציע איז ניט נאר א ווארט, נאר אויך א לעבענס־אינהאלט, צו הערען, אז די א. ר. קאאפעראטיווע אין ניו־יארק געפינט זיך איצט אויף דעם וועג צו ווערען א פעסטע און זיכערע אינסטיטוציע. זי האט צוגעקראגען עטליכע עלטערע פראקטישע טוער. דער רביגעלט פון די פריערדיגע יארען איז ניט געגאנגען לאיבוד. די פארוואלטונג איז שוין איצט אן ערפארענע. עס זיינען אפגעשאפט געווארען די דרייווערס, וואס האבען אויסגעזויגען די פראפיטען פון דער אונטערנעמונג און האבען איר עקספלואטירט פאר זייערע אייגענע צוועקען. עס איז פאנאנדערגענומען געווארען די וואנט, וואס איז געשטאנען צווישען די קאאפעראטיווע און צווישען די געברויכער, די סטארס און די קויפער. זי איז איצט דירעקט פאראנטווארטליך צו זיי. איר מענעדזשער האט די פולע אויפזיכט איבער פאנאנדערטיילונג פון די פראדוקטען. ער קען דירעקט אויפנעמען אלע קלאגעס. אלע מיספארשטענדנישען, וואס זיינען פריער געווען אזא אפטע ערשיינונג, האבען איצט קיין פלאץ ניט.

די געשעפטען פון דער קאאפעראטיווע פארבעסערען זיך פון טאג צו טאג. איר אומזאץ איז נאך פריער געווען $2200 א וואך. איצט איז זי שוין $3000. די אמביציע פון דער איצטיגער פארוואלטונג איז, אז די קאאפעראטיווע זאל אין דער נאענטער צוקונפט האבען אן אומזאץ פון $5000 צו $6000 א וואך. ווען דאס וועט געשען, וועט דאס באמת זיין א נייע ווענדונג אין דער געשיכטע פון דער אידישער קאאפעראציע אין אמעריקא און דער קאאפעראטיווער ערפאלג פון פעטערכאן וועט ניט שטיין אויסגעטיילט אלס דער איינציגער לעבעדיגער בנין צווישען א גאנצער שטאט מיט חורבות.

דאס ווארט האט איצט די א. ר. מיטגלידערשאפט פון ניו־יארק, הויפטזעכליך אין דער געגענט פון דער בראנקס. וועט זי ווערען אן אקטיווע מיטהעלפערין אין דער אונטערנעמונג; וועט זי ווייזען א שיינעם ביישפיל פאר אנדערע. זאל קיין איינציגער א. ר. מיטגליד ניט פארגעסען, אז ער זאל פאדערען דעם א. ר. קאאפעראטיוון לייבעל אויף אלע זיינע ברויט־פראדוקטען. אומעטום, אין סטאר, אין רעסטאוראנט, אין לאנטש רום, אויף א באנקעט. צו פארגעסען דאס, הייסט צו פארגעסען די הויפט־פרינציפען, אויף וועלכע דער א. ר. איז געבויט.

* * *

**נאך א ווארט וועגען איינִיגקייט**

מיט עטליכע מאנאטען צוריק האט די נאציאנאלע עדיוקיישאנאל קאמיטע געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע לערער און טוער אין די א. ר. שולען, אז עס זאל בשום אופן ניט אריינגעטראגען ווערען קיין פאליטישע צווייטיגקייטען אין די ווענט פון דער שול. מיר האבען געפילט, אז דער גורל פון די שולען איז ענג פארבונדען מיט דער איינִיגקייט פון אלע טוער אויף דעם געביט. וואלט נאך די שול־אינסטיטוציע ניט געווען אזוי יונג, וואלט זי נאך אין פיל ערטער ניט געווען אזוי אויסגעשטעלט צו פארשידענע סכנות, וואלט זי זיך שוין געהאט איינגעווארצעלט טיף און זיכער אין אונזער א. ר. לעבען, וואלט אויך געווען א פארברעכען אויף אזא נייטראל פאליטישען געביט צו ציען שווערדען אין וועלכען עס איז פארטיי־געפעכט. ווי די לאגע איז אבער איצט, איז דאס אי א פארברעכען, אי אן אומזין. סיידען די וואס רעדען אזוי פיל וועגען די שולען האבען גאר [illegible] אנרעש אונטער'ן צונג. סיידען די וואס שטעלען זי[illegible] פאר דער אדער יענער פאליטיק ארום די שולען פא[illegible] גארניט אז אונזערע קינדער זיינען ניט שולדיג אין דעם, [illegible] ערע עלטערן קענען זיך ניט צוזאמענרעדען וועגען אנדע[illegible], וואס האבען דירעקט מיט

דער שול־אַרבייט ניט צו טאָן. מיר האָבען שוין עטליכע מאָל אויפגעוויזען, אז אין אונזערע א. ר. שולען לערנט מען ניט קיין פּאַרטיי־פּראָגראַמען. אַלע שאַטירונגען פון דעם סאָציאַליס־טישען געדאַנק, אויב זיי זיינען נאָר אויפריכטיג אין דער אַר־בייט צו ערציען אונזערע קינדער אין אַ פריִיען סאָציאַליסטישען גייסט און דערנענטערען זיי צו אונזער ליטעראַטור, קולטור און אידעאַלען, קענען אַרבייטען האַנט אין האַנט צוזאַמען, פאַר־געסענדיג אַלע פּאַרטיי־צווייטיגקייטען אַזוי ווי זיי טרעטען נאָר איבער דעם שוועל פון דער שול.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פאָדערט נאָכאַמאָל אויף אונ־זערע לערער און שול־טוער צו האַלטען זיך מיט אַלע מעגליכ־קייטען פעסט פאַר דעם נייטראַלען פּרינציפּ. זאָלען מיר אַלע צוזאַמען בויען אומערמידליך די פּראָלעטאַרישע שול, די שול פאַר דער צוקונפט.

# אַ דרינגענדע אויפגאַבע

פון י. ב. ביילין

אונזער גאָרטען איז גרויס און געדיכט. מיר האָבען שוין אין אים אַלטע, טיף־איינגעוואָרצעלטע און פאַנאַנדערגעצווייג־טע ביימער, וואָס דער שטאַרקסטער שטורעם וועט ניט רירען פון אָרט. גלייכע און שלאַנקע שטייען זיי אַקעגען זון און באָדען אין איר זייערע שפּיצען, אין דער צייט, ווען זייערע וואָרצלען פאַרטיפען זיך אַלץ ווייטער און ברייטער אין דער ערד.

אָבער וויפיל האָבען מיר אַזעלכע? אונזער גאָרטען איז גרויס און געדיכט, צעשפּרייט ווייט און ברייט. אין די צענדלי־גער טויזענטער זיינען זיינע ביימער און פלאַנצען. אָבער אונ־זער אויג שטויסט זיך אָן, אין יעדער רגע, אָן געקריפּעלטע און צעדרייטע ביימלאַך, אַנדערע פון זיי איינגעבויקטע און אויס־געבויגענע, מיט צעשראָקענע פּעטליעס בלעטער, ווען עס קומט צו אַ שטורעם. פיל פון זיי בלייבען ליגען אויסגעוואָרצעלטע און צעשעדיגטע, ווען ער טראָגט זיך דורך מיט זיין ברוגז'ן אימפּעט. אַנדערע גלאָצען הילפלאָז אין דעם כאָאָס, און זיי ווייסען ניט אַליין מיט וואָס פאַר אַ כוח זיי האַלטען זיך נאָך. אפשר דערפאַר, וואָס זיי זעען, ווי די עטלאַכע געזונטע ביימער אַרוים זיי שטייען נאָך שטאָלץ און לאַכען דעם שטורעם אין די אויגען אַריין . . .

אָבער צו וואָס זאָלען מיר רעדען מיט מליצה, וואָס קען אויסגעטייטשט ווערען אויף פאַרשידענע אופנים. מיר קענען זיך דערלויבען צו רעדען גאַנץ אָפען. — אונזער אָרגאַניזאַציע איז ברייט און גרויס, פיל, פיל באַדייטענדער און שטאַרקער, מעכטיגער און איינפלוסרייכער, ווי וועלכע עס איז אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אויף דער, אָדער אויף יענער, זייט ים. מיר האָבען אַ רעכט צו שטאָלצירען מיט אירע אויפטואונגען. מיר האָבען צווישען זיך אַ היבשע צאָל מיטגלידער, וואָס זיינען אַ פּת'ע אויסגעפּרואווטע, אויסגעלייטערטע און ציל־באַוואוס־טע סאָציאַליסטען. זיי וועלען אונז שוין קיינמאָל ניט פאַר־ראַטען. זיי וועלען אונז שוין קיינמאָל ניט פאַרלאָזען. די ביי־טערסטע שטורעמס פון דעם שונא'ס אָנפאַלען וועלען זיי ניט דערשרעקען, אפילו ניט צעטומלען. מיר האָבען זיי, די אויס־דערוויילטע טיפען, אין יעדער שטאָט און שטעטעל, אין יעדען ברענטש פון אונזער אָרדען. זיי זיינען דער רוקען־ביין פון אונ־זער אָרגאַניזאַציע און אַ מוסטער פאַר פיל, פיל מיטגלידער, וואָס געפינען זיך אונטער זייער השפּעה.

אָבער מיר טאָרען באַוואוסטזיניגערהייט ניט פאַרמאַכען די אויגען אויף דעם פאַקט, וואָס צווישען אונז זיינען פאַראַן טויזענטער און טויזענטער האַלב־באַוואוסטזיניגע, פערטעל־באַ־וואוסטזיניגע און אפילו אינגאַנצען ניט־באַוואוסטזיניגע מיט־גלידער. קומט אַן איבערגאַנגס־צייט — ווערען זיי די ערשטע אָין ב'דענען צוזאַמען. ווערט וועלכע עס איז סומאַטאָכע — קרבנות. קומט אַ שטורעם — האַלטען פיל פון זיי ניט אויס זיינען זיי פּעאינג מבולבל צו ווערען און בלייבען אָן וועלכער עס איז אָריענטאַציע. קומט אַן אינדוסטריעלער קריזיס —פאַלען זיי אַרויס אין די הונדערטער, און אָפטמאָל אין די טויזענטער.

מ'דאַרף זיי לערנען? געוויס. מיר דאַרפען אָנשטרענגען אַלע אונזערע כוחות אויף בילדען זיי דורך ביכער, לעקציעס, קורסען און אַזוי ווייטער.. מיר ווייסען אָבער ווי שווער עס איז אַראָפּצוגעבען אַ לעבעלע בילדונג אָט דעם עלעמענט, דעם צאָל־רייכסטען אין אונזער אָרגאַניזאַציע. מיר באַדויערען אָפט זיין לעטאַרגישען צושטאַנד. זעלטען קען זיך אַ דערוואַקסענער

מענטש, וואָס האָט געגוג פּרנסה־זאָרגען און פאַמיליע־דאגור אויף זיין קאָפּ, נעמען לערנען און בילדען זיך, סיידען ער האָ אַן אויסערגעוויינלאַכען, אינערלאַכען דראַנג דערצו. און ווי פיל האָבען מיר אַזעלכע?

פאַרשטייען מיר, אַז דאָס איז די שולד פון אונזערע ע ל ט ע ר ן. זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען דעם ו ו ע ר ט פון ביל דונג. זיי האָבען ניט באַגריפען די פּראָבלעם פון ערציאונג זיינען פיל פון אונז אויסגעוואַקסען אויף גאָטס באַראָט. ני צוגעגרייט צו דעם לעבענסקאַמף, וואָס קומט אויס צו פירען ניט פאַרברייטעט צו דער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבען. ד פאַרשען און באַגרייפען, און ווערען אַקטיוו אַריינגעמישט א פון אונז, ווען עס איז געלונגען ווי עס איז צו לערנען, צ דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, פילען, אַז די קללה פון פּרוכט לאָזיגקייט רוט אויף אונזערע הענט. מיר האָבען מיט אונזע פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליסטישע אידעען דערגרייכט פאַרהעלט ניסמעסיג זייער ווייניג. עס איז אונז ביז אהער ניט געלונגע איבערצוצייגען די ברייטע אַרבעטענדע מאַסען, אַז זיי קענע קריגען די מאַכט, אויב זיי וועלען נאָר וועלען. אפילו אין דער נ ע ר ע כ ט י ג ק י י ט פון אונזער אידעע האָט זיך נאָך ני איינגעגעבען צו איבערצייגען זיי.

וואָלטען מיר נאָר שטענדיג געקענט ה אַ נ ד ל ע ן אי דעמזעלבען גייסט, אין וועלכען מיר רעדען; וואָלטען מיר נאָ געקענט מיט אונזער ט אַ ט פאַרקערפּערען אונזער גרויס אידעע און איר הויכען מאָראַל — וואָלטען מיר געוויס געווע ערפאָלגרייכער אין אונזער אַרבעט. דאָס איז דאָך אָבער ני דער פאַל. ווי מיר שטרענגען זיך ניט אָן, ווי מיר שטרעבען ני מיט אונזער גאַנצען האַרצען צו דערהויבען זיך צו דער סאָציאַ ליסטישער מאָראַל אויך אין אונזער טאָג־טעגלאַכע האַנדלונגען גיט זיך דאָס אונז זייער זעלטען איין. מיר קענען ניט אַרויס שיילען זיך פון דער הויט, אין וועלכער מיר זיינען איינגע וואַקסען. און די הויט איז אַ צעקאָרטשעטע, אַ שאָרסטקע, א רויע פון דעם רויען לעבען אַרום, פון דער קאַפּיטאַליסטישע אַטמאָספערע, אין וועלכער מיר אָטעמען. מיר קענען ניט אויפ טרענען אונזערע אָדערען און אַרויסגיסען דאָס פאַר'סמ'טע בלו אונזערע, פאַר'סמ'ט פון אונזער פריעסטער יוגענט, פאַראומרייי ניגט פון די פריערדיגע באַגריפען און געוואוינהייטען.

קומען אָפטמאָל אונזערע האַנדלונגען אין שאַרפען קאָנ טראַסט מיט אונזער פריידיגען. זיינען אונזערע טאַטען שריי ענדיגע נעגענזאַצען צו אונזער פּראָפּאַגאַנדע. ווערען מיט גע טייט מיט די פינגער: זעט, ווי היפּאָקריטיש די סאָציאַליסטע זיינען, פריידיגען איינס און טוען דאָס צווייטע. פרייען זיך ד שונאים אונזערע מיט אונזער חרפה, וואָס איז גאָר אַ'ן דער אמת'ן נאָר אונזער אומגליק. און איין אומגליקליכע האַנדלונ אַזאַ, פון איין סאָציאַליסט, צעשטערט ניט נאָר ז י י ן האָרע וואָניע, נאָר אויך פון זיין אַנדערע . . .

און אָט אַזוי דרייען מיר זיך אין דעם פאַר'כשופ'טען קריי אַזוי גייט אָן פאַר צענדליגע יאָרען אַ סיזיפוס־אַרבעט, וואָס אי צום גרעסטען טייל פּרוכטלאָז.

האָבען מיר אָבער, צום גליק, זיך געכאַפּט, אַז מיר האָבע נאָך אויסער די אויסגעוואַקסענע ביימער — אויך יענע שפּראָ צונגען, פרישע בליטען, און מיר האָבען גענומען שענקען זיי צ טייל פון אונזער פאַרברייטען אונזערע קינדער אין זייער פרי

# די פאַרענדיגטע סטרייקס

פון א. ש. זאַקס

די צוויי גרויסע סטרייקס פון היינטיגען זומער, וועלכע
אַבען געמאַכט נערוועאיש אונזערע מאַסטהאָבער, די סטרייקס
ין די מיינערס און פון די רײלראָוד אַרבײטער, האָבען זיך שוין
יט מזל געענדיגט און זיינען כמעט ווי פאַרגעסען. ווען ניט
ער אָרימער וועגעלע, מיט דער אומעטיגער קאַטערינקע פון די
רויסגעוואָרפענע סטרייקערס, וועלכע בעטען נדבות, און אַ
ושקע וואָס קלינגט און האָט אַ פּנים ווי אַ צדקה תציל ממות
ושקע אויף אַ אידישער לויה, וואָלט קיינער אפילו ניט גע־
ענקט, אַז עס איז ווען עס איז געווען אַ סטרייק.

די ענגלישע צייטונגען האָבען אויפגעהערט צו רײדען וועגען
י. די פּרעסע, וואָס דאַרף געבען דעם מאָן און וועקען כלומרשט
י עפענטליכע מיינונג, האָט שוין אינגאַנצען פאַרגעסען אָן זיי.
איז פאַרנומען מיט פיל וויכטיגערע מענשליכע אינטערעסען,
שטייגער, מיט דעם טאָפּעל־מאָרד פון דעם גלח און דער כאָר־
נגערין אין ניו־בראָנזוויק, מיט דעם סטילמאַן גט־פּראָצעס
:דומה. אַ מאָרד, פאַרבונדען מיט אַ ראָמאַן, וואָס לעזט זיך
י אַ ראָמאַן, אָדער סתם אַ געשיכטע, וואו די העלדען זיינען
אַרהייראַטע מענער און פאַרהייראַטע פרויען, וועלכע פירען
ווישען זיך ליבעס, זיינען מער סגולה פאַר צירקולאַציע
ון זיינען במילא אַ פיל וויכטיגערער ענין פאַר אַ ביזנעס־פּרע־
ע, ווי די פּאַסירונגען, וואָס קומען פאָר אויפ'ן שלאַכטפעלד
ון אַרבייט און קאַפּיטאַל.

אויב די פּרעסע איז דער שפּיגעל פון לעבען, קען מען דאָס
אַר קיין פאַל ניט זאָגען בנוגע דער אַמעריקאַנישער געלער
רעסע, וואָס לאָזט אייך טאָג איין טאָג אויס (גאַנץ אָפט עט־
יכע מאָל אַ טאָג) וויסען מיט גרויסע שטעכעדיגע אותיות,
ויבען־אָן, איבער דער אָדער יענער פּיקאַנטער שלאָפצימער־גע־
יכטע. אורטיילענדיג לויט אונזער פּרעסע קען מען מיינען,
ז אַמעריקע שטעלט מיט זיך פאָר אַ מיאוס'ן קאַרניוואַל, וואו
אַר צעלאָזענע חברה־לייט און דעגענערירטע לעבּ־יונגען דרייען
יך אַרום, וואו חתונות און גט'ן זיינען די וויכטיגסטע, וואָס
יען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט.

אין אמת'ן איז אַמעריקע דאָס קלאַסישע לאַנד, וואו מען
ען שטודירען דאָס אַלטעגליכע לעבען אין אַלע זיינע פאָרמען
ון קאָלירען, דאָס לעבען פון די האָראָפּאַשנע ברויטגעבער, דאָס
עבען פון די מאַסען און זייערע פירער, דאָס לעבען, וואו פאַר־
שידענע גרופּען ראַנגלען זיך, וואו פאַרשידענע קלאַסען פירען
ווישען זיך אַ בלוטיגע מלחמה — אַ מלחמה אויף לעבען און
טויט.

די מלחמה פאַר'ן לעבען פון די ברייטע מאַסען, ווי גרויזאַם

און אכזריות'דיג זי זאָל ניט זיין, איז אָבער ניט סענסאַציאָנעל,
זי רייסט ניט די אויגען, זי איז מאָנאָטאָן, לאַנגווייליג, ווי דאָס
לעבען גופא און דעריבער גיט זיך די מאַרק־פּרעסע מיט איר גאַנץ
ווייניג אָפּ. פאַר די יעניגע אָבער, וועלכע קוקען אויף אונזער
וועלט ניט ווי אויף אַ שפּיל־האָטעל, נאָר ווי אויף אַן אַר־
בייטס־הויז, איז די שטילע קלאַסען־מלחמה, וואָס אין איר קומט
פאָר, לעררייך און פול מיט מוסר השכל'ס.

מיר זאָגען בכיון „מוסר השכל'ס", ווייל ניט די פּאַסירונ־
גען אַן און פאַר זיך זיינען וויכטיג, נאָר דער מוסר השכל, דעם
שלום וואָס מען קען פון זיי ציען. ווי זאָגט אונזער מענדעלי
מוכר ספרים: ניט די מעשה גופא, נאָר די כונה, וואָס ליגט
אין איר באַהאַלטען, די מעשה בתוך מעשה דאַרף מען לעזען.

און אָט וועגען דעם מוסר השכל פון די פאַרענדיגטע
סטרייקס פון די קוילען־גריבער און אייזענבאַן־אַרבייטער וועלען
מיר דאָ ריידען.

סטרייקס זיינען קיינמאָל ניט צום האַרצען די הערשענדיגע
קלאַסען. אין אַ סטרייק ווייזט דער אַרבייטער אַרויס אַ ווילען,
אַ מאַכט, בעסערט אויס און שטאַרקט זיין אָרגאַניזאַציאָנס־
אַפּאַראַט, אַנטוויקעלט זיין קאַמפּס־לוסט — מיט איין וואָרט,
אין אַ סטרייק ווערען אָפּגעפרישט און אָפּגעשייערט אַלע וואָפען,
וועלכע זיינען שעדליך די אינטערעסען פון קאַפּיטאַל. די אונ־
טערנעמער פון פאַרשידענע אינדוסטריען וועלען.דעריבער תמיד
קומען צו הילף צו זייערען אַ חבר, אַ קלאַסען־גענאָסע, אין אַן
עת צרה, אין צייט פון אַ סטרייק. „אַז מען שעכט די שעפּסען
ציטערען די לעמער", און יעדער קאַפּיטאַליסט ווייסט גאַנץ גוט,
אַז אויב ניט היינט —מאָרגען, ווען עס איז, קען אויך ער גע־
פּרואווט ווערען מיט אַ סטרייק און איז שטענדיג גרייט אויסצו־
שטרעקען אַ האַנט זיין קאָלעגע, כדי אַ סטרייק צו אונטערדריקען.
די רעגירונג גייט געוויינליך האַנט אין האַנט מיט די אונטער־
נעמער און העלפט זיי דירעקט אָדער אינדירעקט. אַזאַ בהלה
אָבער, ווי די לעצטע צוויי סטרייקס פון די קוילען און אייזענבאַן
אַרבייטער האָבען אַרויסגערופען אינ'ם לאַגער פון די קאַפּיטאַ־
ליסטען און אין די רעגירונגס־קרייזען, איז זעלטען געווען צו זען.
עס האָט זיך געפילט אין זייער לאַגער אַ מין אומבאַהאָלפענקייט,
אַ מין פאַרצווייפלונג, און מען האָט ניט געוואוסט ווי זיך אַן
עצה צו געבען. יעדען טאָג האָט מען אין ווייסען־הויז אָפּגע־
האַלטען אסיפות אַמאָל מיט איין צד, אַמאָל מיט אַ צווייטען צד.
אַמאָל מיט ביידע צדדים, אָבער די אסיפות האָבען צו קיין
ממשות'דיגע רעזולטאַטען ניט געפירט. דעם אינדזשאַנקשאָן,
וואָס דער אַטוירני דזשענעראַל דאָהערטי האָט אַרויסגעגעבען

---

סטער יוגענט צו זייער ווייטערדיגען וועג פון לעבען. אַז מיר
וזען זיי באַקענען מיט אונזער נייער מאָראַל און ביטערן קאַמף,
יאָס מיר האָבען צו פירען. אַז מיר מוזען זיי באַקענען מיט
ונזער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור און מיט אַלץ, וואָס
ו'איז אונז טייער און הייליג, כדי זיי זאָלען פאַרבלייבען אונ־
ערע קינדער אין פולען באַדייט פון דעם וואָרט.

האָבען מיר אויפגעעפענט פאַר אונזערע קינדער שולעס,
ונזערע אַרבעטער־רינג שולעס, און מיר האָבען גערופען אַלע־
וען פון אונז, וועמען די אויפגאַבע איז ליב און וויכטיג, צו
עלפען אין דער הייליגער אַרבעט. מיר האָבען געוואוסט, אַז
זיר וועלען אָפּגעלאַכט ווערען פון אַנדערע. אָבער מיר האָבען
אָרגעזעצט אונזער אַרבעט אַרויסצורייסען אונזערע קינדער פון
די גייסטיגע קלעסטשעס פון דער פּאַבליק־סקול און תלמוד־
תורה, פון דער טויטלאַכער ווירקונג פון דעם מלמד, און פון
עם צניעה'דיגען פאַרטוך פון דער רעביצין. מיר האָבען פאַר
יי לעצטע דריי יאָר שוין פיל אויפגעטאָן אויף דעם געביט.
ורום פיר טויזענט קינדער באַזוכען אונזערע שולען אין 45
טעט און שטעטלאַך פון די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע.
מיר האָבען שוין אפילו צוויי מיטעל־שולען און אַן אייגענעם

לערער־סעמינאַר. אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ווי אַ שטויבעלע
פון אַ באַרג אַנטקעגען דעם, וואָס מיר האָבען געדאַרפט טאָן,
און וואָס מיר האָבען געקענט טאָן, אויף דעם געביט.

אָבער קוים האָבען מיר שוין גענומען פלעגען די בלומען
פון אונזער גאָרטען, מוזען מיר שוין אויך פאַרגרעסערען זיינע
ביימען. בלומען מוזען האָבען רוים, פּלאַץ פאַר אַנטוויקלונג, די
זאָרגפעלטיגסטע אויפמערקזאַמקייט און די איידעלסטע באַהאַנד־
לונג. דער קריזיס אין לאַנד פאָדערט אויסערגעוויינליכע אָנ־
שטרענגונגען, אַז אונזערע אינסטיטוציעס זאָלען זיך ניט דאַרפען
שליסען. עס מוזען געשאַפען ווערען נאָך מיטלען. עס מוזען
אָפּגעראַמט ווערען אַלע מניעות אויף דעם ווייטערדיגען וועג פון
אונזער גראַנדיעזער אַרבייט.

זאָלען מיר, ווי טריע [illegible] זען געבען אונזערע בלומען
אונזער פולסטע אויפמערקז[illegible] זיי מוזען זיך פאַנאַנ־
דערבליען אין פולען פּראַכ[illegible] אַז אין צען יאָר שפּעטער
זאָלען מיר זיי האָבען אין א[illegible] רייען אַלס אמת'ע מוסטערען
פון הויך־מאָראַלישע קעמפע.

און מיר זיינען זיכער, אַז זיי [illegible] עלען קומען, זען און זיגען.

קענען די סטרייקער איז אויך געווען פון פאַרצווייפלונג און גע־
וויס ניט פון דעם באַוואוסטזיין, אַז די גערעכטיגקייט פאָדערט
עס.

ווי קומט עס, וואָס אונזערע שטאַרקע און מעכטיגע האָבען
אַזוי פאַרלאָרען זייערע קעפּ אין די לעצטע סטרייקס?

דער תירוץ איז גאַנץ פּשוט.

אייזענבאַנען, ווי אַלע מיט זיי פאַרבונדענע פאַרקער־ און טראַנספּאָרט־מיטלען, זיינען דאָס האַרץ פון אינדוסטריעלען לעבען פון לאַנד. שטעלט זיך אָפּ דער פאַרקער, מוז זיך אָפּ־שטעלען דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבען. אויב יעדער סטרייק איז אַ גוטער מיטעל אין די הענט פון די אַרבייטער פון אַ גע־וויסען טרייד, איז אַ סטרייק אין די צווייגען פון דער אינדוסט־ריע, פון וועלכע דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבען איז אָפּהענגיג, אַ גוואַלדיג שאַרפע וואָפע, פאַר וועלכע די געגנער האָבען אַ גרונד זיך צו שרעקען.

די מיינס און די אייזענבאַנען זיינען צ ע נ ט ר אַ ל ע אינ־דוסטריען. זיי זיינען דער מיטעלפּונקט, וואוהין עס קומען זיך צוזאַמען די פעדים פון אַלע אינדוסטריען פון לאַנד. זיי גיבען דעם כח, דעם שטויס דער גאַנצער עקאָנאָמישער מאַשין. זיי זיינען ניט סתם רעדלאַך, זייטען, צווייגען, וועלכע רירען אָן אַ גרויסע צאָל מענשען. זיי זיינען די טריבענדע, די לייטענדע קראַפט פון יעדען לאַנד. אַן אָרגאַניזם קען לעבען אָן איין גליד, אָן אַ צווייטען גליד, ער קען אָבער ניט לעבען אָן אַ האַרץ, אָן אַ צירקולאַציאָנס־צענטער, פון וועלכען דאָס גאַנצע סיסטעם איז אָפּהענגיג.

די רעגירונג איז דעריבער זייער פאַרצווייפעלט ווען זי פאַר־לירט די שליטה און דעם קאָנטראָל אויף דעם הויפּט־ראָד, ארום וועלכען עס דרייען זיך אַלע אַנדערע רעדער און רעדלאַך און מיט וועלכען ס'זיינען פאַרבונדען און פאַרקניפּט אַלע שרויבען און שרייפלאַך פון דעם עקאָנאָמישען און במילא אויך פונ'ם פּאָ־ליטישען מעכאַניזם.

די רוסישע רעוואָלוציע איז געווען ערפאָלגרייך דורך דעם, וואָס די אַרבייטער האָט זיך איינגעגעבען צו פאַרנעמען די צענט־ראַלע אינדוסטריען, הויפּטזעכליך די אייזענבאַנען. דערמיט האָט זי גלייך אוועקגעשטעלט אַ קרייץ אויף די אוקאַזען פון דער אַלטער רעגירונג. די רעגירונגען פון אַלע לענדער זיינען דע־ריבער שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז דער פאַרקער זאָל זיך ניט אָפּשטעלען. זיי זיינען פון זייער זייט גאַנץ אויסגעהאַלטען, ווי זיי זוכען צו פאַרמיידען סטרייקס אין די צענטראַלע אינדוס ריען דורך פאַרשידענע מיטלען.

די אַרבייטער פון זייער זייט דאַרפען אָבער מיט אַ מיטלען קעמפען, אַז דאָס רעכט צו סטרייקען אין די דאָזי אינדוסטריען זאָל פון זיי בשום ענין ואופן ניט אוועקגענומ ווערען. צען טויזענט אָרגאַניזירטע באַן־אַרבייטער זיינען פ דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג פון גאַנצען לאַנד וויכטיג ווי הונדערט טויזענט אָרגאַניזירטע פון אַנדערע אינדוסטריען.

די אַרבייטער־פירער אין די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג האָבען דערווייל נאָך ניט אויסגע אַרבייט אַן אַלגעמיינע טאַקטיק בנוגע די פאַרבעסערונגען פ אַלע אַרבייטער. געוויינליך ווערט יעדע אָרגאַניזאַציע פון א בייטער באַטראַכט פאַר גלייך וויכטיג און עס ווערט ניט ג מאַכט קיין אונטערשייד צווישען פאַרשידענע אָרגאַניזאַציע בנוגע עקאָנאָמישע אויסבעסערונגען דאַרף אַזוי זיין. פאַר שניידער, פאַר אַ קאַרפּענטער, פאַר אַ בריק־לייער איז אַ שע ווייניגער אַרבייט און אַ דאָלאַר מער שכירות פּונקט אַזוי וויכט ווי פאַר דעם פּאָרט און טעלעגראַף אָנגעשטעלטען, פאַר דע מיינער און פאַר דעם באַן־אַרבייטער. בנוגע גרויסע אַלגעמיי אַרבייטער־פאָדערונגען, פאָדערונגען, וועלכע רירען אָן אַלע א בייטער פון לאַנד, איז אַ פעסטע אָרגאַניזאַציע פון באַן־אַרבי טער פיל וויכטיגער, ווי, למשל, די אָרגאַניזאַציע פון קאַרפּע טער אָדער פון אַן אַנדער טרייד. ווען די קאַרפּענטער סטרייק קען זיך דאָס אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לעבען פון לאַנד פליס רעגעלמעסיג; סטרייקען אָבער די אייזענבאַן־אַרבייטער — מ זיך אָפּשטעלען דאָס גאַנצע לעבען און די אַרבייטער אַלס קלאַס קענען דורך אַזאַ סטרייק מער דערגרייכען ווי אין אַ גע וויינליכען סטרייק.

אַזוי ווי פון אַ מיליטערישען שטאַנדפּונקט האָט ניט יעדע רעגימענט דעמזעלבען ווערט און די גלייכע באַדייטונג אין דע מלחמה־פירונג, אַזוי איז אויך פון אַלגעמיינעם אַרבייטע שטאַנדפּונקט ניט יעדע אָרגאַניזאַציע און ניט יעדער סטריי גלייך. דער סטרייק, וואָס ווערט געפירט פון אַ געוויסער צא מענשען אויף אַן אייזענבאַן, איז ניט אינ'ם ערך וויכטיגער פ אַלע אַרבייטער, ווי אַ סטרייק, וואָס ווערט געפירט פון דער זעלבינער צאָל מענשען אין אַן אַנדער טרייד.

(ענדע קומט)

# דער טייך און דער קוואַל

(פאַבעל)

פון **נחום י.**

אַ טייך —
אַ'ן וואַסער רייך,
וואָס האָט צום ים זיין שטאָלץ געטראָגען,
האָט זיך אַמאָל געווענדט צום קוואַל, וואָס האָט
פאַרקלערט,
באַשיידען פון דער ערד
געשלאָגען:
— „מיר דאַכט, איך וואָלט גאָר ניט געקאָנט צופרידען זיין
אַ'ן אָפּשפּיגלען פון זיך פון העלען שטראַל דעם שיין —
ווען איך וואָלט אויך ווי דו געוועזען שוואַך און שטיל...
אויב איך בין שטאָלץ—פאַרמאָג איך וואַסער אין זיך פיל,
אין פרילינג־צייט
צעגיס איך זיך אויף מײַלען ווייט,
און אַלץ וואָס שטייט מיר נאָר אין וועג
טראָג איך אין מיינע שטראָמען באַלד אַוועק,
איך שוים, איך ברויז,
פון מיינע ברעגען רייס איך זיך אַרויס
און וואַרף אויף אַלעמען אַן אימה מיט מיין מאַכט!
און דו? ווי לאַנג דו זאָלסט ניט פליסען, —
וועט קיינער דאָך פון דיר ניט וויסען...“
— „איך מיין“ — געענטפערט האָט דער קוואַל
פאַרטראַכט —
אַז ווייל איך בין קיין
דעריבער בין איך ר י ין,
און ס'טויג מיין וואַסער אויף צום טרינקען.
מיין נאָמען וועט ווי דיינער אויף דער וועלט ניט קלינגען—
נאָר איך וועל אָבער שטענדיג אין דער שטיל
אַרויסברענגען מיין וואַסער פריש און קיל-
פון די פאַרבאָרגענע און טיפע תהומ'ען...
ווייל צווישען אונז גערעדט,
אין דיינע ברייטע שטראָמען
צעוואַשט מען אָפטמאָל גרעט...“

# דער „בונד“ און דער אַרבייטער רינג

פון י. באַסקין

עס איז ניט אונזער אויפגאַבע אַריינצוגיין אין אַן אָפּשאַ־
ג פון דער באַדייטונג פון דעם בונד, אין אַלע איינצעלהייטען
ן זיין אַקטיוויטעט. דאָס לאָזען מיר איבער צו די, וואָס
לען שרייבען די געשיכטע פון אָט דער מערקווירדיגער אידי־
ער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט באַגייסטערט דעם פּראָלעטאַ־
אַט פון דער גאַנצער וועלט מיט איר וואונדערבאַרען מוט,
ייהייט, אַנטשלאָסענהייט און איבערגעבענהייט צו דער היי־
גער זאַך. דער נאָמען פון בונד איז אויסגעקריצט מיט גאָל־
נע בוכשטאַבען אין דער געשיכטע פון דער אַרבייטער־באַוועג־
ג פון דער גאַנצער וועלט, ווייל מיט דעם אַריינטריט פון
נד איז געשריבען געוואָרען אַ נייַ בלאַט געשיכטע אין דעם
בען פון דעם אידישען פאָלק. דער בונד איז געוועזען די אָר־
ניזאַציע, וואָס האָט באַזעסען אָט די הערקוליעזישע קראַפט
ן האָט געקענט פאַרוואַנדלען אָט די דערשלאָגענע, דערנידער־
, צו דר'ערד צעטראָטענע מאַסען אין אַ קעמפענדער מוטי־
ר אַרמיי, וועלכע האָט מיט איר בלוט און מוט איר מאַרך
אַפּייכט דעם באָדען פון דער רוסישער רעוואָלוציע און האָט
ויסגערופען די פּראַכטיגע פרוכטען פון דער רוסישער פרייַ־
יט.

וואָס מיר באַצוועקען, איז אָנצוצייגען איינִיגע כאַראַקטע־
סטישע שטריכען, וועלכע זיינען אַזוי ענליך און געמיינשאַפט־
ך צווישען זיך, סיי אין דעם לעבען פון דעם אַ. ר. און סיי
ין דעם לעבען פון דעם בונד און אויך די געגענזייטיגע ווירקונג
וישען ביידע אָרגאַניזאַציעס.

עס איז אַן אַלגעמיין באַקאַנטער פאַקט, אַז אויב דער בונד
יז געוועזען דער מאַגנעטיזם פאַר די אידישע ברייטע מאַסען און
אַט זיי אַזוי באַצויבערט, האָט עס אָבער אָבער באַגעגענט צו
ך די פּאַסיווע, מען קען זאָגאַר זאָגען, פיינדליכע באַציאונג
ן דער רוסישער אידישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, וועלכע
אַט געקוקט אויף די טוער פון בונד און אויף דער גאַנצער אידי־
ער באַוועגונג ווי פון אויבען אַראָפּ, מיט אומצוטרוי און מיט
יינשעצונג. אָט די דאָזיגע אידישע רוסישע אינטעליגענץ
אַט זיך נים געקענט פאָרשטעלען, אַז עס מעגליך צו געפינען
אַין פאַר זייער טעטיגקייט צווישען אָט די אידישע שניידער־
אַך, שוסטערלאַך און סטאָליערס. זיי האָבען געזוכט אַ טע־
יגקייט אין דער ברייטער רוסישער וועלט. דער אידישער תחום
ין פאַר זיי געוועזען צו קליין, צו ענג. אַזוי אַם ווייניגסטענס
אָבען זיי געדענקט.

און ווען דער „בונד“ האָט זיך אַזוי אַנטוויקעלט און גע־
אָגען אַזאַ פרוכטבאַרען באָדען צווישען די אידישע מאַסען און
רויסגעטראָטען אין דער אידישער וועלט מיט זיין וואָרט וועגען
ינע אויפגאַבען און צילען, וועגען די אידישע קולטורעלע אויי־
אַנאָמיע און זיין גאַנצען בליק אויף דעם אידישען לעבען, האָט
אָס אויך אַרויסגערופען אַן אָפּאָזיציע מצד די אַזוי־גערופענע
ינטעליגענטען פון דער אַלגעמיינער רוסישער באַוועגונג און
יבערהויפּט פון דער אידיש־רוסישער אינטעליגענץ. דער אמת
יז, אַז דעם בונד האָט מען געדולדעט, אָבער עס איז ניט גע־
עזען יענע אינערליכע, פריינדליכע באַציאונג, וואָס איין קעמ־
ענדע אַרמיי פילט צו דער, וועלכע גייט מיט איר האַנט ביי
אַנט אין מלחמה. דער שרייבער פון די צייַלען עראינערט זיך,
אָס פאַר אַ ביטערען איינדרוק עס האָבען אויף אים געמאַכט
י ווערטער וועגען דעם בונד פון איינעם פון די גרעסטע דענקער,
אָס די אַלוועלטליכע סאָציאַלע דעמאָקראַטיע האָט געהאַט אין
ירע רייען. ער האָט דאָס אַרויסגערעדט מיט אים אין אַ פּריי־
וואַטען געשפּרעך, זייענדיג אין דער שווייץ. ער האָט גערעדט
מיט פאַרביטערונג נעגען דעם בונד און האָט זיך אויסגעדריקט,
אַז דער בונד איז אייגענטליך דער ציוניזם אויף דער לינקער
זייט. („ציוניזם נאַ איזנאַנקו“ — דאָס זיינען בוכשטעבליך גע־
וועזען זיינע ווערטער.) אויב אַזאַ קלאָרע קאָפּ ווי פּלעכאַנאָוו
האָט אַזאַ מיינונג געהאַט וועגען בונד, פאַרשטייט זיך, אַז די
ווייניגערע אינטעליגענטען, די ווייניג דענקענדערע, האָבען קיין
בעסערע מיינונג ניט געהאַט. דער הויפּט „קאַניאָק“ זייערער
נעגען בונד איז געוועזען דאָס, וואָס דער בונד האָט ניט קיין אינ־
טעליגענץ, האָט ניט קיין „טעאָרעטיקער“. דער פאַקט, אָבער,
איז, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער בונד האָט געהאַט
ווייניגער טעאָרעטיקער ווי די רוסישע באַוועגונג, האָט ער זיך
זאָגאַר אין טעאָרעטישע און אַנדערע פראַגען קיינמאָל ניט
געהאַט וואָס צו שעמען מיט זיין שטעלונג און די פירער
פון בונד פלעגען ביי אַלע קאָנוועגשאָנס און קאָנפערענצען אין
דער רוסישער באַוועגונג שפּילען איינע פון די וויכטיגסטע ראָ־
לעס. דער בונד איז געוואָרען אַ פאָלקס־באַוועגונג, אַ מאַסען־
באַוועגונג, און אין דעם איז באַשטאַנען זיין גבורה. ער האָט
איינגעפלאַנצט אין די מאַסען אַן אומגעהייערע איבערגעבענהייט
צו דער אָרגאַניזאַציע. דער נאָמען פון בונד פלעגט אַרויסרופען
הייליגע פונקען פון גלויבען און פון אָפּערווילינקייט אין די רייען
פון די אידישע קעמפענדע אַרבייטער. אין אָט די עטליכע
שטריכען איז דאָ אַ מערקווירדיגע ענליכקייט צווישען דעם בונד
און אונזער אַ. ר. דער אַ. ר. איז אויך געשאַפען געוואָרען אין
אַן אַטמאָספערע פון גלייַכגילטיגקייט, זאָגאַר פון פיינדשאַפט.
די גאַנצע אָפיציעלע אידישע באַוועגונג מיט דער אינטעליגענץ
און די פרעסע האָבען זיך באַצויגען צו דער אַנטשטייאונג פון
דעם אַ. ר., ווי צו אַן איבעריגער זאַך. אויב זיי האָבען ניט
געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטען פיינדליך געגען אים, האָבען
זיי אָבער אַרויסגעצייגט אַזאַ מין קאַלטקייט, אַזאַ מין פּאַסי־
וויטעט, וואָס איז געוועזען ערגער ווי אַן אָפענע פיינדשאַפט.
געוויס האָבען זיי ניט געהאַט קיין דירעקטע פערזענליכע אורזאַך
צו זיין געגען דעם אַ. ר. זיי, אָבער, האָבען געדענקט, אַז אין
יענער צייט, די צייט פון אויפשטורעמונג און ערוואַכונג, איז
שוין די סאָציאַלע רעוואָלוציע געשטאַנען נאָענט צו דער שוועל.
עס איז צו קליינליך צו גיין שאַפען אָרגאַניזאַציעס פאַר דעם
איינציגען פּשוט'ן צוועק צו העלפען איינעם דעם אַנדערען אין
צייט פון נויט און קראַנקהייט. מען דאַרף עטוואָס גרעסערס,
העכערעס שאַפען. מען דאַרף שטרעבען און אַרבעטען פאַר דעם
ענדגילטיגען ציל און ניט אָפּגעבען זיך מיט נישטיגע זאַכען. דאָס
לעבען איז אָבער געגאַנגען מיט זיין וועג. די טוער פון בונד
האָבען געגלויבט אין זייערע כחות. זיי האָבען געגלויבט אין די
קרעפטען פון די אידישע אַרבייטענדע מאַסען און זיי האָבען
אַרויסגערופען צום לעבען איינע פון די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַ־
ציעס אין דער וועלט. די טוער פון דעם אַ. ר. האָבען זיך אויך
ניט אָפּגעשראָקען פאַר אָט דער פּאַסיווער פיינדליכער באַציאונג
פון די טוער פון דער היגער אָפיציעלער באַוועגונג, און זיינען
אָנגעגאַנגען מיט זייער אַרבייט. זיי האָבען אָנגעפירט זייער
טעטיגקייט, זיי האָבען זיך ניט פאַרמאָסטען אין אָנפאַנג אויף
עפּעס גרויסעס, זיי האָבען פילייַיַיט ניט גע'חלומ'ט צו וואָס זייער
אַקטיוויטעט וועט ברענגען, [illegible] האָבען געהאַט דעם גע־
זונטען אינסטינקט. זיי האָב[illegible]ט, אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע
איז אַ נויטווענדיגקייט אין [illegible] פון די אידישע אַר־
בייטער אין אַמעריקע און זיי [illegible] זיך ניט אָפּגענאַרט. דער

א. ר. פאַרנעמט היינט אין געוויסע הינזיכטען אין אַמעריקע דעם זעלבען פּלאַץ, וואָס דער בונד האָט פאַרנומען אין רוס־לאַנד. וואָס עס האָט געטראָפען צו יעקב'ן האָט געטראָפען צו יוסף'ן. ביידע אָנגעפאַנגען זייער טעטיגקייט אין דער זעלבער אַטמאָספערע, ביידע דורכגעמאַכט די זעלבע שוועריגקייטען, און מיידע געקומען צו דער זעלבער מדרגה פון שטאַרקייט און דיסציפּלין.

דער אמת איז, אַז די ווירקונג פון די ביידע אָרגאַניזאַציעס איז געווען אַ געגענזייטיגע. אין רוסלאַנד, נאָך דער רעוואָ־לוציע פון 1905, האָט דער בונד גענומען זיך אויסשפּרייטען אין אַלע צווייגען פון דער טעטיגקייט אויף דער אידישער גאַס. ער האָט געעפענט אייגענע ציימונגען, געגרינדעט אַן אייגענע פּאַבלישינג קאָמפּאַניע, אַנגעפירט אַ גרויסע באַוועגונג צווישען די ארבייטער אויף דעם געביט פון פּראָפעסיאָנעלער טעטיגקייט. דאָס איז געווען אַ דאַנק דער גרויסער פינאַנציעלער און מאָראַ־לער שטיצע, וואָס די אידישע ארבייטענדע מאַסען פון אַמעריקע און איבערהויפּט פון דעם א. ר. האָבען זיי געשיקט, — און פאַר־קערט, — דער א. ר. איז געוואָרען פון טאָג צו טאָג שטאַרקער און אַנגעפילט זיינע רייען מיט פרישע, נייע קרעפטען, אַנגע־פירט זיין טעטיגקייט מיט נייעם ענטוזיאַזם, אַ דאַנק דעם גרוי־סען צופלוס בונדיסטען, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען אַהער נאָך די יאָרען פון דער פינסטערער רעאַקציע אין רוסלאַנד. זיי האָבען זייער ענטוזיאַזם ניט פאַרלאָרען. זייער גלויבען אין אַ הייליגער צוקונפט איז געבליבען אַזוי שטאַרק, ווי אין דער אַל־טער היים, און אַט דעם ענטוזיאַזם און גלויבען האָבען זיי אריינגעבראַכט אין די בראַנטשעס, אין וועלכע זיי האָבען זיך אַנגעשלאָסען און אַנגעהויבען צו נעמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין אַלע ערשיינונגען און אין אַלע פּאַסירונגען פון אונזער אָר־גאַניזאַציע, אין יעדער שטעטעל, וואו די בונדיסטען האָבען זיך באַזעצט, איז געגרינדעט געוואָרען אַ נייער בראַנטש און ער האָט זיך גערופען דער בונד בראַנטש פון א. ר. אַזעלכע בראַנ־טשעס זיינען דאָ אין דעם א. ר. זייער פיל. די גאַנצע קולטור־רעלע טעטיגקייט פון דעם א. ר., קען מען זאָגען, איז אַ רעזול־טאַט פון דעם איינפלוס, וואָס די אַריבערגעקומענע בונדיסטע[ן] האָבען אויסגעאיבט אין דעם א. ר. דער גאַנצער עדיוקיישאָנא[ל] דעפּאַרטמענט, וואָס איז איינגעפירט געוואָרען, איז געוועז[ן], קען מען זאָגען, אונטער דעם דירעקטען דרוק און פאָדערונג פו[ן] אַט די עלעמענטען, וועלכע האָבען גענומען שפּילען אַזאַ וויכ־טיגע ראָלע אין דעם א. ר., און שפּעטער צו, שוין נאָכדעם ו[י] דער עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט איז איינגעפירט געוואָרען האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע באַוועגונג פאַר די אידישע א. ר. ראַדיקאַלע שולען, און די באַוועגונג איז אָן ספק אַ דירעקט[ער] רעזולטאַט פון דער אַקטיוויטעט פון דעם בונד און זיי[ן] שטעלונג צו די אַלגעמיינע אידישע קולטורעלע פראַגען. מיר ווילען דאָ איצט ניט אָפּשאַצען די וויכטיגקייט פון דער קולטו־רעלער טעטיגקייט. מיר ווילען אַט די קולטורעלע טעטיגקייט איצט ניט לויבען אָדער שילטען. דאָס איז ניט אונזער ציל ביי דעם מאָמענט. אָבער אַז די גאַנצע טעטיגקייט איז אַ רעזולטאַט פון בונד און איז געפירט געוואָרען אונטער דער השפעה פו[ן] בונד, אין דעם קען קיין שום צווייפעל ניט זיין. עס איז אויך ווערט צו באַמערקען, אַז די הויפּט־טוער פון דעם א. ר., ניט נאָ[ר] אין די צענטראַלע פאַרוואַלטונגען, נאָר זאָגאַר אין די לאָקאַל[ע] בראַנטשעס, זיינען כמעט אַלע בונדיסטען. פון די אַלע רע־דאַקטאָרען, וואָס דער „פריינד“ האָט געהאַט פון דער צייט ווע[ן] ער איז געגרינדעט געוואָרען, זיינען מיט איין־איינציגען אויס־נאַם אַלע געווען היימישע בונדיסטען.

מיר וואָלטען געקענט ברענגען נאָך פיל ענליכקייטען, וואָ[ס] מען קען געפינען צווישען די ביידע אָרגאַניזאַציעס. מיר האָבע[ן] אָבער אָנגעצייכענט די הויפּט־שטריכען פון די ענליכקייטען או[ן] מיר קענען מיט זיכערהייט זאָגען, אַז דער 25־טער יובילעאו[ם] פון בונד איז אויך דער יום־טוב פון די ברייטע מאַסען פון דע[ם] א. ר. ווען מיר באַטראַכטען די שטופע, די מדרגה, אויף וועל־כער דער א. ר. איז היינט אָוועקגעשטעלט געוואָרען, מוזען מיר זאָגען, אַז פיל און פיל האָט אין דעם מיטגעווירקט דער גרויסער אידישער ארבייטער־בונד פון רוסלאַנד, פּוילען, ליטע און אויך פון גאַליציע.

# „אידישע נשמות“

פון ש. ניגער

**א. ליטווינס „אידישע נשמות“.**
**אין זעקס בענד, צווייטע אויפלאַגע.**

אין לעבען פון יעדען פאָלק, און אויך אין אונזער אידישען לעבען, זיינען דאָ אַזעלכע זאַכען, ערשיינונגען, אינסטיטוציעס, פּערזאָנען, וואָס שטייען אויפ'ן גרעניץ צווישען נעכטען און היינט. זייער אמת לעבען איז געווען נעכטען, ווען זיי זיינען נאָך פול געווען מיט זאַפט און קראַפט און האָבען געהאַט טיפע וואָרצלען. אָבער אויך היינט איז דאָ נאָך אַ זכר פון זיי. דער זכר איז אַמאָל נישט מער ווי אַ שאָלעכץ מיט אַ פאַרטריי־קענטער יאָדער, און אַמאָל, פאַרקערט, איז די שאָלעכץ שוין צע־פאַלען, נאָר עס הערט זיך נאָך פון איר דער אייגענער ריח פון יאָדער, וואָס איז אין איר געווען. די זאַכען געהערען שוין דער געשיכטע, אָבער אונזער אינטערעס צו זיי איז זייער פריש און לעבעדיג. מיר געדענקען זיי נאָך פון אונזערע קינדער־יאָרען, אָדער מיר האָבען געהערט וועגען זיי ביי[ד]ען טאַטע־מאַמע און סתם עלטערע מענשען. עס ווילט זיך אונז אָפּפרישען זייערע שפּורען אין אונזער זכרון, זעטיגען מיט זיי אונזער פאַנטאַזיע. זיי זיינען שוין פאַר אונז טאַקע אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט, אָבער דאָס איז נאָך ניט קיין פאַרטריקענטע, ניט קיין טויטע פאַר־גאַנגענהייט.

אַזוינע לעבעדיגע שטיקער פון אַ פאַרגייענדיגער, אָבער נאָך נישט אינגאַנצען פאַרגאַנגענער, היסטאָרישער תקופה גיב[ט] אונז א. ליטווין אין זיינע „אידישע נשמות“. דערפון נעמט זיך דער אינטימער אינטערעס, מיט וועלכען מיר לייענען זיי. דער גר צדק, ר' חיים וואָלאָזשינער, דער ווילנער בעל־הבית'ל, אַמאָ־ליגע פאַדריאַדטשיקעס, דער לעצטער פּורים־שפּילער, דער שטאָט־משוגענער, די חסידישע רביים, דער מוסר'ניק, — עס ווילט זיך אונז צום לעצטען מאָל אַ קוק געבען אויף זייער[ע] שאָטענס, איידער זיי פאַרשוואונדען.

אָבער נישט נאָר דאָס אַליין. נישט נאָר אַלטע באַקאַנט[ע] באַגריסען אונז אין די ביכער פון א. ליטווין. די „אידישע נשמות“ באַקענען דעם לעזער אויך מיט אַזוינע טיפּען, גע־שטאַלטען, בילדער פון דער נאָענטסטער אידישער פאַרגאַנגענ[הייט] און צום טייל אויך געגענוואַרט, וועלכע זיינען אים ווי[י]־ניג אָדער גאָרניט באַקאַנט.

אין „די אידישע נשמות“ זיינען דאָ שטודיעס פון דער אידישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע און אויך קאַפּיטלאַך אידישע קול־טור־געשיכטע — אין בילדער. די בילדער האָט דער פאַרפאַ[ס]־סער ניט געשאַפען, ניט אויסגעטראַכט. ער האָט זיי גענומען פון לעבען. ער אידעאַליזירט זיי אָפּט: ער ליבט דאָס פאָלק.

און אלץ, וואס שטאמט פון אים, זעט ער אין א העלער שיין. צו די שאטען־זייטען וויל ער זיך ניט צוקוקען. דאס מאכט זיין אויסטייטשונג פון אידישען לעבען אביסעל צו טענדענציעז, צו סענטימענטאל און צו אפטימיסטיש. אבער הינטער דער אויסטייטשונג זעט מען דעם לעבען אליין, דעם שקיעה'דיג אידישען לעבען, וואס א. ליטווין האט מיט אזא פלייס און ליבשאפט שטודירט יארען־לאנג און באזונדערס אין יענע ניין יאר, צווישען 1905 און 1914, ווען ער האט געמאכט זיינע רייזען, אלס זשורנאליסט און פאלקלאר־זאמלער, איבער ליטע, פוילען און גאליציע. ער איז ארייננעדרונגען אין די פארבארגענסטע ווינקעלאך פון דעם אידישען פאלקס־שטייגער, האט זיך צוגעהערט צו דער אידישער פאלקס־פאנטאזיע, אריינגעקוקט אין די אלטע פנקס'ן, געפירט באקאנטשאפטען און געשפרעכען מיט יענע פארשטייער פון די אידישע מאסען, וועלכע דריקען אויס זייערע איידעלערע געפילען, זייערע העכערע השגות, זייער עלענט און נויט, זייערע זוכענישען און בלאנדזשענישען, זייער ליכט און פינסטערניש, — האט אנגעזאמעלט אן א שיעור איינדרוקען, פאקטען, מעשיות, אנעקדאטען, בילדער, דאקומענטען — און אונז געגעבען עס אין די זעקס בענד פון די „אידישע נשמות“ . . .

„דאס וואכעדיגע טאג־טעגליכע לעבען פון א פאלק איז דער יסוד פון זיין געשיכטע“, זאגט א. ליטווין. און ווי ווייט דאס איז ריכטיג, זיינען די „אידישע נשמות“ אביסעל ציגעל און צעמענט פאר דעם יסוד פון דער נייעסטער אידישער געשיכטע, ווארום אין זיי איז דא אט „דאס וואכעדיגע טאג־טעגליכע לעבען“: איך זאג „ווי ווייט דאס איז ריכטיג“, מחמת איך רעכען, אז צום יסוד פון א פאלקס־געשיכטע געהערט נישט דאס טאג־טעגליכע אליין פון זיין לעבען, אויך זיינע יום־טוב'דיגע מאמענטען, די עלית־נשמה, וואס עס האט, ווען עס שטייט אויף קעגען דעם אלטען איינגעפונדרעוועטען לעבענס־שטייגער און ברעכט זיינע הארטע פארשטיינערטע פורעמס, די הויכע מדרגות, וואס עס דערגרייכט, ווען עס גיט ארויס פון זיך, אין מזל'דיגע שעה'ן, גרויסע פערזענליכקייטען, מעכטיגע פירערס, דרייסטע וועגווייזערס, — אויך זיי זיינען יסודות פון א פאלקס געשיכטע. אבער זייער האלטקראפט, זייער ווירקונג ווענדט זיך אין זייער א גרויסער מאס אן דעם כאראקטער, אן דער מאראלישער ווערדע און דער אויפנעמפעאיגקייט פון דעם פאלקס טאג־טעגליכען לעבען. און אין דעם זינען איז ריכטיג וואס א. ליטווין זאגט, אז וויסען דעם סוד און דערגרונטעוועון זיך ביז צום יסוד פון א פאלקס נשמה און א פאלקס היסטארישער אנטוויקלונג קאן מען נאר, ווען מען באקענט זיך מיט דעם לעבען, וואס עס פירט אלע טאג פון א גאנץ יאר. און דאס טוט א. ליטווין איז זיינע „אידישע נשמות“. ער גיט זיך אין זיי אפ אויך מיט די שבת־יום־טוב'דיגע, נשמה־יתירה'דיגע אידען, אבער נישט ווייניגער, אויב נישט מער, דערציילט ער אונז פון די געוויינליכע אידען פון א גאנץ יאר אין די פארשידענע „אריגינאלען“, וואס וואקסען אויס צווישען זיי. ער טוט דאס ניט אויפ'ן סמך פון ארכיוו־מאטעריאלען. ער גיט אונז איבער די לעבעדיגע ידיעות, וואס ער האט געקראגען בעת זיינע שטודיען־רייזעס איבער די אידישע שטעט און שטעטלאך.

דאס איז די מעלה — און אויך דער חסרון פון זיין ווערק. ער פארלאזט זיך אינגאנצען אויף די — אפט צופעליגע און ניט פולע — מאטעריאלען, וואס ער האט אליין געקראגען בעת זיין רייזע. ער מאכט זיי נישט פולער און גאנצער מיט די ידיעות, וואס אנדערע האבען געזאמעלט. דאס דארף מען פון אים אפשר נישט פאדערען: ער טועט דאך נישט אויף, ווי א היסטאריקער; ער גיט אונז נאר איבער די רעזולטאטען פון זיין אייגענער שטודיען־רייזע. אבער ער קאנטראלירט נישט גענוג זיינע אייגענע מאטעריאלען. און דאס איז זיכער א דעפעקט. ער פארצייכענט אלץ; וואס מען זאגט אים, אלץ, וואס ער דערוויסט זיך בעת זיינע געשפרעכען און זיינע באגעגענישען. עס איז ביי אים ניט שארף גענוג אפגעגרעניצט פאלקלאר פון עטנאגראפיע, „געשיכטעס“ פון געשיכטע. דערפאר קאן מען ניט שטענדיג זיין זיכער מיט דער גענויאיגקייט פון די פאקטען און מיטטיילונגען, וואס געפינען זיך אין די „אידישע נשמות“. איך וועל ברענגען א פאר ביישפילען פון דעם ערשטען באנד.

באשרייבענדיג זיין רייזע קיין א י ל י ע — דאס ליטווישע שטעטעל, וואס איז פארבונדען מיט דער מעשה פון „גר צדק“ — זאגט דער פארפאסער: „עס שווימען מיר ארויף אויף די געדאנקען די עטליכע בלעטלאך פון דער לעגענדע, וואס איך האב מיט גרויס מיה און מאטערניש געקראגען איבערשרייבען ביי א ווילנער אידען — דער איינציגער עקזעמפלאר געשריבען אין אידיש“. מען קאן מיינען, לייענענדיג די דאזיגע ווערטער, אז קיין אנדערע מאטעריאלען וועגען גר צדק זיינען אויף אידיש ניטא. דאס איז ניט ריכטיג. דער שרייבער פון די שורות האט אין יאר 1913 פארעפענטליכט אין דעם מאנאטליכען זשורנאל „די אידישע וועלט“, וואס איז ארויס אין ווילנע, א מאנוסקריפט פון א. מ. דיק, וואו עס ווערט אויספירליך באשריבען די מעשה פון גר צדק. שפעטער האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער מאנוסקריפט איז שוין לאנג געדרוקט געווען אין א באזונדער ביכעל, אן דעם נאמען פון פארפאסער.

אין דעם קאפיטעל וועגען „שאגת אריה“ שרייבט א. ליטווין: „אט די דריי (דער שאגת אריה, דער גאון און ר' חיים וואלאזשינער) האבען אויסגעלייטערט דעם אידישען מוח אין זייער צייט, האבען אים באפרייט פון פינסטערניש און אבערגלויבען“. ווען ה' ליטווין זאל אויף זיך פילען די פאראנטווארטליכקייט פון א היסטאריקער, וואלט ער, פארשטייט זיך, ניט געשריבען אזא מין גוזמא, אז די דערמאנטע דריי פארשטייער פון דער אלטער רבנישער אידישקייט האבען דעם אידישען מוח „באפרייט פון פינסטערניש און אבערגלויבען“. ער וואלט אויך ניט געשריבען וועגען ר' חיים וואלאזשינער, אז „ער איז בכלל געווען דער „עזרא“ פונ'ם נייצנטען יארהונדערט ביי אידען“.

אבער א. ליטווין איז ניט קיין היסטאריקער. ער איז בלויז א פובליציסט, וואס האט אונטערגענומען א רייזע, כדי צו זאמלען מאטעריאל פאר זיינע שטודיעס אין דעם אידישען פאלקס־לעבען, און ער גיט אונז ד ע ם מאטעריאל, וואס אים איז געלונגען צו זאמלען. דערגענצען אים אדער שטרענג קאנטראלירען האלט ער ניט פאר זיין חוב. אזוי, צום ביישפיל, ברענגט ער וועגען ר' לוי יצחק בערדיטשעווער אדער וועגען ר' ישעיה זוכאוויטצער נאר די פאקטען אדער לעגענדעס, וואס זיינען א י ם געלונגען צו זאמלען אויף זיין רייזע. דער, וואס וועט וועלען האבען פ ו ל ע ר ע קענטענישען און א פ ו ל ע ר ע כאראקטעריסטיק פון די דאזיגע און אנדערע פערזענליכקייטען, וועט מוזען אנקומען צו אנדערע מקורות. די ידיעות, וואס ה' ליטווין ברענגט וועגען זיי, זיינען צופעליגע און פראגמענטאלע.

אבער ווי גוט איינער זאל ניט קענען דעם אידישען לעבען און די אידישע געשיכטע פון דער לעצטער תקופה, וועט ער דאך קאנען געפינען ביי א ליטווינען אין די „אידישע נשמות“ שטריכען און איינציגע פרטים, וואס וועלען זיינע קענטענישען מאכען לעבעדיגער, פארביגער, אויב נישט רייכער. קיין ארכיוו־מאטעריאל, קיין פאפירענער דאקומענט קאן ניט פארבייטען קיין לעבעדיגען געשפרעך און קיין איינדרוק וואס מען האט פון לעבעדיגע מענשען. א. ליטווין דערציילט אונז דאס רוב אויך וועגען געשטארבענע דאס, וואס ער האט געהערט פון לעבעדיגע. ער דערציילט אונז וועגען דעם פאלקס פארגאנגענעם אדער האלב־פארגאנגענעם לעבען דאס, וואס לעבט אין דעם מויל פון פאלק אליין. דערפאר האט א גרויסער טייל פון דעם מאטעריאל, וואס איז — אין א לייכטער, האלב־בעלעטריסטישער פארם — איבערגעגעבען אין די „אידישע נשמות“, א געוויסען פאלקלאריסטישען ווערט אפילו דאן, [illegible] היסטארישער ווערט איז צווייפעלהאפט. אבער פילע א[illegible] פרטים, וועלען אויך דעם היסטאריקער, ווי געזאגט, מאכען [illegible]טער זיין אויפגאבע. זיי

# עפיזאָדען פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע

פון הלל ראָגאָף

אמעריקע ווערט איצט רעגירט פון זעלבסט־נעקרוינטע פאַטריאָטען. די לייט פּאַראַדירען אַלס די פאַרטיידיגער פון דער קאָנסטיטוציע, פון די אמעריקאַנער טראַדיציעס, און אין דער זעלבער צייט טרעטען זיי מיט די פיס די זעלבע קאָנסטיטוציע און די זעלבע טראַדיציעס. די סקאַנדאַלען, וואָס זיינען אין די לעצטע יאָרען אָפּגעטאָן געוואָרען נעגען די ראַדיקאַלען און פּראָגרעסיווע ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס, דערמאָנען זייער שטאַרק אָן די סקאַנדאַלען פון דער ענגלישער הערשאַפט געגען די אמעריקאַנער קאָלאָניסטען מיט 160 יאָר צוריק. דער ענגלישער טעראָר אין די קאָלאָניעס האָט געטריבען די קאָלאָניסטען צו רעוואָלוציע, און די הערשענדע „פּאַטריאָטען“ אין דער איצטיגער אמעריקע ווענדען אָן דעמזעלבען טעראָר און ווילען איינריידען דעם עולם, אַז זיי האַלטען די רעוואָלוציע פאַר נערעכט און פאַר הייליג.

מיר ווילען אין דעם ארטיקעל איבערדערציילען צוויי עפּיזאָדען אין דער געשיכטע פון אמעריקע, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָפּ דער גייסט פון דער רעוואָלוציאָנערער אמעריקע אין 18־טען יאָרהונדערט. די לעזער, וועלכע זיינען באַקאַנט מיט דער איצטיגער אמעריקע, וועלען לייכט קענען אורטיילען ווי ווייט די איצטיגע הערשער זיינען פון יענעם גייסט אָפּגעפרעמדט.

די צוויי גרעסטע און וויכטיגסטע קאָלאָניעס זיינען געווען ווירדזשיניא און מאַסאַטשוזעטס. זיי האָבען די ערשטע דערפילט דעם יאָך פון דער ענגלישער הערשאַפט, אין זיי איז דער געדאַנק פון רעוואָלוציע געבאָרען געוואָרען און זיי האָבען אין דער רעוואָלוציע די וויכטיגסטע ראָלע געשפּילט.

דער ערשטער פּראָטעסט פון מאַסאַטשוזעטס, וועלכער האָט געקלונגען מיט אויפשטאַנד, מיט רעוואָלט, איז געשעען אין דעם יאָר 1761, מיט 14 יאָר בעפאָר די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען אין דער ווירקליכקייט. אָנגעהויבען האָט דעם פּראָטעסט א לאָיער אין א געריכט־זאַל, ביי א פּראָצעס פון די מאַסאַטשוזעטסער הענדלער געגען די ענגלישע הערשער אין דער קאָלאָניע.

די האַנדעלס־געזעצען פון ענגלאַנד האָבען פאַרבאָטען די אמעריקאַנער קאָלאָניסטען צו האַנדלען דירעקט מיט פרעמדע לענדער. אַלע איצטיגע אמעריקאַנער פּראָדוקטען האָבען געמוזט פאַרקויפט ווערען צו ענגלישע הענדלער. אַלע וויכטיגע סחורות האָבען די היגע קאָלאָניסטען געמוזט קויפען פון ענגלישע הענדלער. די געזעצען זיינען אין קראַפט געווען זינט דעם מיטען פון דעם 17־טען יאָרהונדערט, אָבער די קאָלאָניסטען האָבען זיך די גאַנצע צייט נעגען זיי געוועהרט. זיי האָבען שטילערהייט אָנגעפירט דעם פאַרבאָטענעם האַנדעל. זיי האָבען ארויסגעשמוגעלט סחורות אויף פרעמדע שיפען און אריינגעשמוגעלט סחורות פון פרעמדע לענדער. די ענגלישע רעגירונג האָט אָנגענומען פאַרשידענע מיטלען נעגען דעם. און איינער פון די ווירקזאַמסטע מיטלען איז געווען די „ריט אוו אסיסטענס“.

די „ריט אוו אסיסטענס“ איז געווען א מין „וואָראַנט“, א געזעצליכע באַפאָלמעכטיגונג פאַר די ענגלישע האַפען־באַאַמטע אריינצוקומען אין אירגענד וועלכען פאַרדעכטיגען פּלאַץ און דאָרטען זוכען אריינגעשמוגעלטע סחורה. אין דעם „ריט“ איז ניט אָנגעגעבען געוואָרען א געוויסער אדרעס, וואו די באַאַמטע מאַכען די אָבלאַווע. ער איז געווען א באַפאָלמעכטיגונג צו גיין וואו נאָר זיי ווילען. דאָס האָט נעגעבען די באַאַמטע די מעגליכקייט אריינצוברעכען אין אירגענד וועלכען געשעפט, אין אירגענד וועלכער וואוינונג. קיינער איז ניט זיכער געווען געגען די טשינאָווניקעס. אַזאַ געוואַלדינע, אומבאַגרעניצטע מאַכט קען לייכט מיסברויכט ווערען. זי קען באַנוצט ווערען צו טעראָריזירען אומשולדיגע, רואיגע איינוואוינער און געשעפטסלייט. און אַזוי איז טאַקע דער פאַל געווען.

אין 1760 איז דער ענגלישער קעניג געשטאָרבען. אַזוי ווי די „ריטס“ זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען אין דעם קעניגס נאָמען, איז עס נייטיג געווען זיי איצטער צו באַנייען, אין נאָמען פון דעם נייעם קעניג האָט די מאַסאַטשוזעטסער קאָלאָניע זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט און אריינגעטראָגען די גאַנצע פראַגע אין געריכט. זי האָט גע׳טענה׳ט, אַז די „ריטס“ זיינען געגען דער ענגלישער קאָנסטיטוציע, ווייל די „ריטס“ רויבען אוועק די פערזענליכע פרייהייט פון די קאָלאָניסטען. א וואָראַנט קען נאָר דאַן זיין געזעצליך, ווען אין אים ווערען דערמאָנט די פערזענליכע פּערזאָנען אין די פאַרדעכטיגטע פּלעצער, אָבער א האָלסייל וואָראַנט אויף אָבלאַוועס איז דאָס זעלבע ווי איבערגעבען די שליסלען פון אַלעמענס וואוינונגען אין די הענט פון עטליכע באַאַמטע.

דער פּראָצעס האָט אויפגערודערט די גאַנצע קאָלאָניע פון מאַסאַטשוזעטס. פאַר דער קאָלאָניע איז אויפגעטראָטען א יונגער אדוואָקאַט מיט׳ן נאָמען דזשיימס אָטיס. און די רעדע, וואָס ער האָט ביים פּראָצעס געהאַלטען, ווערט פון מאַנכע היסטאָריקער באַטראַכט אַלס דער ערשטער סיגנאַל צו רעוואָלוציע.

דזשאָהן ערעס, איינער פון די אינטימסטע אָנפירער פון דער רעוואָלוציע, איז נאָך געווען גאָר א יונגער מאַן ווען דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען. ער איז אָבער אַנוועזענד געווען אין

---

וועלען אים געבען קאָנקרעטע, בילדליכע ביישפּילען. און דער געוויינליכער לעזער וועט זיכער לייענען פילע קאַפּיטלאַך אין די „אידישע נשמות“ מיט אינטערעס און נוצען.

עס איז, אמת, א בוך פון א זשורנאַליסט מיט דער צעוואָרפענקייט, אומסיסטעמאַטישקייט און ניט־גרינדליכקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זשורנאַליסטישער ארבייט, אָמער עס געהערט צו די זייער זעלטענע ביי אונז פּובליציסטישע ווערק, וואָס זיינען מיט אבסטראַקטע סברות, נאָר מיט פאַקטען און לעבעדיגער פּערזענליכער ערפאַרונג. עס איז א בוך, וואָס איז געשאַפען געוואָרען ניט אין דער פאַרשפּאַרטער לופט פון קאַבינעט, נאָר אונטער׳ן פרייען, כאָטש אָפט פאַרכמורעטען, הימעל פון דער אידישער־גאַס, אין נאָענטער באַרירונג מיט׳ן אידישען פאָלקס־לעבען.

צו באַדויערען איז, וואָס עס פעלען אין בוך די בילדער, וואָס ווערען דערמאָנט אין טעקסט. אויך וואָלט געווען גוט, ווען דאָס בוך זאָל צום סוף האָבען א רשימה פון די נעמען און וויכטיגסטע זאַכען, וואָס ווערען אין דעם דערמאָנט, און ווען יעדעס קאַפּיטעל זאָל ניט זיין באַזונדער נומערירט. ביי דער באַזונדערער נומעראַציע פון יעדען קאַפּיטעל דאַרף מען לאַנג בלעטערן יעדען באַנד, ביז מען געפינט וואָס מען דאַרף.

געריכט, און אַט ווי ער האָט געשילדערט דעם איינדרוק, וואָס אטיסעס רעדע האָט אויף אים געמאכט:

„אטים איז געווען אַ פלאם פייער . . . אין דער רעדע איז געבאָרען געוואָרען די אמעריקאנער אומאָפּהענגיגקייט. די קערענדלאך פון פאטריאָטען און העלדען זיינען דאַן און דאָרטען פאַרזייט געוואָרען. יעדער אין דעם געפּאַקטען געריכט־זאַל איז אַזוי ווי איך באַרייט געווען מיט וואַפען צו באַקעמפען די „ריטס". דאָרט און דאַן איז אָפּגעשפּילט געוואָרען די ערשטע סצענע אין דעם ערשטען אַקט פון אָפּאָזיציע געגען ענגלאַנד. דאַן אין קאָורט איז דאָס קינד פון זעלבסטשטענדיגקייט געבאָרען געוואָרען. אין פופצען יאָר אַרום, אין 1776, איז דאָס קינד אויפגעוואַקסען און זיך ערקלערט אבסאָלוט פריי".

די קאָלאָניסטען האָבען דעם פּראָצעס פאַרלאָרען, ווייל די ריכטער זיינען אַפּאָינטעט געוואָרען פון דער ענגלישער רעגירונג און זיי האָבען פאַרטראָטען די אינטערעסען פון די ענגלישע סוחרים. אָבער אטיסעס רעדע האָט איר ווירקונג געהאַט אויף דער באַפעלקערונג אין דער קאָלאָניע; ער איז דורך איר געוואָרען זייער פּאָפּולער. ביי די נעקסטע וואַלען איז ער ערוויילט געוואָרען צו דער אַסעמבלי, און אין די ערשטע יאָרען פון דער רעוואָלוציע איז ער געווען דער פּראָמינענטסטער אָנפירער.

* * *

דער צווייטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען אין ווירדזשיניא קאָלאָניע מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. אין אים האָט אויך די הויפּט־ראָלע געשפּילט אַ יונגער אדוואָקאַט, וועמעס נאָמען עס איז פאַרצייכענט מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

דאָ האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ פיל ברייטערער פראַגע ווי דער פאַל אין מאַסאַטשוזעטס: די פראַגע, צי דער קעניג אין ענגלאַנד קען איבערהויפּט מבטל מאַכען געזעצען, וואָס ווערען אָנגענומען אין די געזעצמאַכענדע קערפּערשאַפטען פון די קאָלאָניעס. דער קעניג האָט אימער די רעכט פאַר זיך „געקליימט" און ער האָט איר באַנוצט, טראָץ די פּראָטעסטען פון די קאָלאָניסטען. דורך דעם פּראָצעס האָבען די קאָלאָניסטען פון ווירדזשיניא אַז זיי זיינען געגען דעם קעניגס האַנדלונג אויפגעבראַכט ביז צו אַ גראַד פון רעוואָלוציע.

אין דער ווירדזשיניא קאָלאָניע איז כמעט די גאַנצע צייט זינט איר גרינדונג טאַבאַק באַנוצט געוואָרען אלס געלט. עס האָט דאָרטען אויך צירקולירט פּאַפּירענע און מעטאַלענע געלט. אָבער דער געזעץ האָט אויך אנערקענט טאַבאַק אלס געלט. מען האָט מיט טאַבאַק געמוזט צאָלען טעקסעס, צאָלען חובות, קויפען און האַנדלען. צווישען די טעקסעס, וואָס די קאָלאָניסטען האָבען געמוזט צאָלען, איז געווען אַ געוויסער מאָס טעקס אלס געהאַלט פאַר די גלחים. דער געזעץ האָט באַשטימט וויפיל פונט טאַבאַק יעדער גלח האָט געמוזט יערליך באַקומען און די קאָלאָניסטען האָבען דעם טאַבאַק געמוזט ביישטייערען, יעדער קאָלאָניסט לויט זיין חלק. די גלחים פלעגען טאַבאַק באַנוצען צו קויפען לעבענסמיטעל.

אין 1755 איז געווען אַ טריקעניש אויף די טאַבאַק־פעלדער און די קאָלאָניסטען האָבען אַראָפּגענומען זייער ווייניג טאַבאַק. דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ יקרות אויף דעם דאָזיגען פּראָדוקט: דער פּרייז פון טאַבאַק איז געשטיגען. די געזעצמאַכענדע קערפּערשאַפט פון דער קאָלאָניע האָבען דאַרום דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז פאַר די נעקסטע צען מאָנאַטען זאָלען די קאָלאָניסטען מוזען צאָלען זייער קלויסטער טעקסעס ענטוועדער מיט טאַבאַק אָדער מיט געלט און אַז פאַר די טעקסעס זאָל דער פּרייז פון טאַבאַק זיין ווי אין די פריערדיגע יאָרען, פאַר דעם יקרות. דער געזעץ האָט זיך אייגענטליך באַצויגען אויף אַלע טעקסעס, אָבער די גלחים האָבען אויפגעהויבען אַ געוואַלט און צוליב זייערע פּראָטעסטען איז עס אַרויסגעקומען דער פּראָצעס, וועגען וועלכען מיר רעדען דאָ.

די גלחים האָבען דעם פּראָטעסט געשיקט צו דעם בישאָף אין לאָנדאָן. אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ווידער געווען אַ יקרות אויף טאַבאַק און די קאָלאָניסטען האָבען אַן ענליכען געזעץ דורכגעפירט. דעם מאָל האָבען שוין די גלחים אָפּגעהאַלטען אַ קאָנווענשאָן און געשיקט אַ פאָרטרעטער קיין ענגלאַנד, ער זאָל פאָרלייגען די זאַך פאַר דער רעגירונג. און נאָך לאַנגע דעבאַטען און דיסקוסיעס האָט דער קעניג ערקלערט דעם געזעץ אלס אומגילטיג.

די גלחים אין ווירדזשיניא האָבען דאַן גענומען מאָנען ביי די קאָלאָניסטען דעם טאַבאַק, וואָס מען האָט זיי ניט באַצאָלט. יעדער גלח האָט אָנגעקלאָגט זיין קהלה. פּראָצעסען זיינען פאָרגעקומען אין פאַרשידענע טיילען פון דער קאָלאָניע און פיל פון די גלחים איז געלונגען זייער טאַבאַק אויפצומאָנען; מאַנכע האָבען געקראָגען צוגע׳פּסקנ׳ט נאָך מער ווי זיי האָט געקומט.

איין פּראָצעס אָבער האָט פאַראורזאַכט אַן אויסערגעוויינליכען טומעל. דער גלח איז געווען איינער פון די פּראָמינענטסטע און זיין קהלה איז געווען אַ רייכע. די קיים איז פריער פאָרגעבראַכט געוואָרען בלויז פאַר ריכטער, און זיי האָבען געפּסקנ׳ט, אַז דער גלח האָט אַ רעכט ביי דער קהלה צו מאָנען שאַדענערזאַץ, ווייל דער געזעץ איז אומגילטיג. וויפיל אָבער די סומע פון דעם שאַדענערזאַץ זאָל זיין, דאָס האָבען די ריכטער איבערגעלאָזען פאַר אַ צווייטען טרייעל, אין וועלכען די ריכטער זאָלען זיין אַ דזשורי פון בירגער. אַט דער צווייטער טרייעל האָט ער געבראַכט די גרויסע סענסאַציע.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבען דעם ערשטען דעצעמבער 1763. אַ גרויסער עולם האָט אָנגעפּאַקט דעם געריכט־זאַל. צווישען די אַנוועזענדע זיינען געווען מער ווי צוואַנציג גלחים. אלס אדוואָקאַט פאַר דער קאָלאָניע איז אויפגעטראָטען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 27. פּעטריק הענרי איז זיין נאָמען געווען.

די גלחים האָבען גלייך פון אָנפאַנג דערפילט אַז עס איז ניט גינסטיג פאַר זיי. דער שעריף האָט אלס דזשורי־לייט גערופען ניט רייכע אַריסטאָקראַטען, נאָר פּראָסטע מענשען.

קיין באַווייזען האָט פּעטריק הענרי ניט געהאַט פאָרצולייגען. די גלחים האָבען גענאַנט זייערס און זיי האָבען באַוויזען דורך עקספּערטען וויפיל זיי קומט. פּעטריק הענרי האָט אַלץ צוגעגעבען; ער האָט אָבער אין אַ פייערדיגער רעדע געטענה׳ט, אַז דער קעניג האָט קיין רעכט ניט געהאַט מבטל צו מאַכען דעם געזעץ פון דער קאָלאָניע. די טענה האָט מיט דעם פּראָצעס קיין שייכות ניט געהאַט, ווייל דער פּראָצעס האָט בלויז געדאַרפט באַשטימען וויפיל טאַבאַק די גלחים דאַרפען פון די קאָלאָניסטען באַקומען. וועגען דעם רעכט פון קעניג מבטל צו מאַכען דעם געזעץ האָט שוין מיט אַ יאָר פריער דער געריכט גע׳פּסקנ׳ט. פּעטריק הענרי האָט זיך מיט דעם ניט גערעכענט. ער האָט אַפּעלירט צו די געפילען פון די דזשורי־לייט. ער האָט פאַר זיי פאַרדאַמט די האַנדלונג פון דעם קעניג אלס טיראַניש און זיי געוואָרענט, אַז אויב זיי וועלען אַרויסטראָגען אַן אורטייל, גינסטיג צו די גלחים, וועלען זיי דערמיט נאָך שטייפער מאַכען די קייטען, מיט וועלכע דער קעניג האַלט די קאָלאָניסטען געשמידט.

ער האָט דעם קעניג אַזוי שאַרף אַטאַקירט, אַז דער אדוואָקאַט פון די גלחים האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטול און אויסגעשריען: „דער הער פּריידיגט פאַרראַט צום קעניג!" צווישען די פאַרזאַמעלטע אין זאַל האָבען אַ סך אונטערגעכאַפּט דעם אדוואָקאַטס פּראָטעסט מיט געשרייען: „פאַרראַט! פאַרראַט!"

אָבער פּעטריק הענרי האָט זיין ציל ערגרייכט. די דזשורי האָט דעם גלח צוגע׳פּסקנ׳ט איין פּעני אלס שאַדענערזאַץ.

דער פּראָצעס איז באַלד באַרימט געוואָרען אין אַלע קאָלאָניעס. פּעטריק הענרי איז באַטראַכט געוואָרען אלס דער העלדישער פאַרטיידיגער פון די רעכטען פון די קאָלאָניסטען. אין די נעקסטע צענדליג יאָר האָט ער פיל געטאָן צוצוגרייטען די מאַסען אין ווירדזשיניא [illegible] צו דער רעוואָלוציע.

# אימפעריאַליזם אויפ׳ן נאָענטען מזרח

פון מ. האלט.

עס איז א גאנץ פארשטענדליכע זאך, אז ווען א רעגירונג פון א געוויסער מלוכה האָט א ביטערען דורכפאל אין א מלחמה, זאָל דאָס פאָלק רעוואָלטירען געגען זיינע צעקלאפּטע הערשער. ס'איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס דער גריכישער קעניג קאָנסטאנטין האָט געמוזט „אָפּדאנקען", אזוי באלד ווי די מיליטערישע אוואנטורעס פון די גריכישע אימפעריאליסטען האָבען געליטען די שענדליכסטע מפלה. ווען א יון פאלט אריין אין סוכה, איז דער בעסטער אויסוועג פאר אים צו מאכען פליטה, אויב אים געלינגט דאָס נאָר.

די לעצטע מפלה פון די גריכישע מיליטאריסטען האָט אָבער א טרייסעל געטאָן ניט נאָר קאָנסטאנטינס טראָן. זי האָט נאָך מער צעטרייסעלט דעם טראָן פונ'ם ענגלישען הערשער, פון דער אָנגעזעענסטער פערזענליכקייט צווישען די דיפּלאָמאטען פון די קאפּיטאליסטישע רעגירונגען, — פון לאָיד דזשאָרדזשען. ווי שטארק דער רעוואָלט פון דער באזיגטער און דעמאָראליזירטער גריכישער ארמיי זאָל ניט זיין, האָט דער דורכפאל פון די גריכישע מיליטאריסטען ארויסגערופען א פיל גרעסערען, הגם אויסערליך שטילערען, רעוואָלט אין ענגלאנד, ווי אין גריכענלאנד גופא; א רעוואָלט, וועלכער איז פון פיל גרעסערער באדייטונג פאר דער גאנצער וועלט, ווי די מעגליכסט גרעסטע איבערקערענישען, וואָס מען וואָלט געקענט ערווארטען אין גריכענלאנד. די לעצטע זיגרייכע קוילען פון די טערקישע נאציאָנאליסטען האָבען אזוי געטראָפען אין ציל די ענגלישע בורזשואזיע, אז די לעצטע איז שרעקליך צעטומעלט געוואָרען און וועט מוזען מאכען די גרעסטע אָנשטרענגונגען ניט צו פארלירען דעם באָדען פון אונטער אירע פיס.

אמת, ס'איז מער ווי צווייפעלהאפט, אז די ענגלישע ארבייטערשאפט, אונטער איר איצטיגער פירערשאפט, זאָל אויסנוצען פאר זיך די גלענצענדע געלעגענהייטען, וועלכע זיינען פאר איר אין דעם איצטיגען מאָמענט געשאפען געוואָרען. אין דעם איבערצייגען אונז ניט נאָר די ערפארונגען, וואָס מיר האָבען געהאט מיט דער רעאקציאָנערער פירערשאפט פון די ענגלישע ארבייטער אין די לעצטע עטליכע יאָר; אין דעם איבערצייגט אונז אויך די האלטונג פון אָט דער פירערשאפט אין דעם איצטיגען מאָמענט. אנשטאָט צו אטאקירען מיט די שווערסטע וואפען די בורזשואזיע, וועלכע איז אזוי צעטומעלט און צעריסען צווישען זיך, טרעטען ארויס דזשאהן קליינס און טאָמאס, די פירער פון דער ענגלישער לייבאָר פארטי, מיט א פ א ר ט י י ז י ג ו נ ג, אז דעם איינציגען חטא, וואָס די טרייד־יוניאָנס אין ענגלאנד האָבען באגאנגען, באשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבען געסטראשעט מיט א גענעראל־סטרייק, כדי צו פארמיידען א נייע מלחמה, און אז קיין אנדער ברירה האָבען זיי ניט געהאט, ווען דער מיניסטאָרען קאבינעט האָט ניט אויסגענוצט די מאשינעריע פון דער נאציאָנען־ליג און האלט צוגעמאכט דעם פארלאמענט אין א מאָמענט פון אזא ערנסטען קריזיס.

אזא האלטונג פון דער ארבייטער־פירערשאפט העלפט, נאטירליך, זייער פיל דער בורזשואזיע פון ענגלאנד צו קומען צו זיך. אָסטען טשעמבערלען, לאָיד דזשאָרדזשעס רעכטע האנט, האָט זיך שוין געווענדעט מיט א שטארקען אויפרוף צו אלע בורזשואזע שיכטען פון דער באפעלקערונג צו פאראייניגען זיך געגען דעם „אלגעמיינעם שונא", די ארבייטער, אויב מען וויל ניט, אז די פירערשאפט פון דער מלוכה זאָל איבערגיין אין די הענט פון די ארבייטער. צי דער דאָזיגער אפּיל וועט העלפען לאָיד דזשאָרדזשען צו בלייבען פּרעמיער אָדער ניט, איז פאר אונז לחלוטין ניט וויכטיג. עס קען אָבער קיין צווייפעל ניט זיין, אז וועלכע ריכטונג פון דער ענגלישער בורזשואזיע זאָל ניט געווינען פונ'ם איצטיגען קריזיס, איז ווען עס וועט קומען צום „אלגעמיינעם שונא", וועלען אלע ריכטונגען פון דער בורזשואזיע האנדלען געמיינשאפטליך.

צוליב די פשרה־שטימונגען און אומאנטשלאָסענהייט פון די קליינסעס און טאָמאסעס פארלירט די ארבייטערשאפט פון ענגלאנד א גלענצענדע געלעגענהייט צו געבען א מעכטיגען קלאפּ איר אייגענער בורזשואזיע און דורך דעם אויך די בורזשואזיע פון דער גאנצער וועלט. אָבער ווי פאראייניגט די ענגלישע קאפּיטאליסטען און קליינבירגער זאָלען ניט זיין, און אומאנטשלאָסען די דאָרטיגע ארבייטער־פירער זאָלען ניט האנדלען, וועט די „לייבאָר פארטי" דאָך עפּעס געווינען פונ'ם איצטיגען „קריזיס". און דאָס אליין איז שוין א גענוג גרויסער קלאפּ פאר דער ענגלישער בורזשואזיע.

* * *

עס איז ניט שווער צו פארשטיין, פארוואָס דאָס בורזשואזע ענגלאנד האָט אזוי געליטען פון דער גריכישער מפלה, ווען מען נעמט אין אנבאטראכט, אז די לעצטע מלחמה אינ'ם נאָענטען מזרח איז אין תוך גענומען געפירט געוואָרען ניט אזוי פיל צווישען גריכענלאנד און טערקיי, ווי צווישען ענגלאנד און פראנקרייך. גריכענלאנד איז בלויז געווען א שיק־אינגעל ביי ענגלאנד, און פראנקרייך האָט געפירט אינטריגעס געגען איר כלומר'שטען בוזים־פריינד, ענגלאנד, מיט דער אנגאָרישער רעגירונג, וועלכע זי האָסט אזוי.

אז ענגלאנד האָט זיך באנוצט מיט די גריכישע פאָלקס־מאסען אלס מין קאנאָנען־פלייש, איז געווען אן אָפענער סוד פאר דער גאנצער וועלט. און וועגען די אינטריגעס פון די פראנצויזישע אימפעריאליסטען מיט דער רעגירונג פון אנגאָרא האָט ניט געקענט אויסמיידען צו דערמאָנען אפילו דער דיפּלאָמאט טשעמבערלען, וועלכער האָט אין זיין היסטאָרישער רעדע דעם 13־טען אָקטאָבער געזוכט מאכען דעם איינדרוק, אז אין אלע האנדלונגען אויף דעם נאָענטען מזרח זיינען די עלאיס, ד. ה. ענגלאנד, פראנקרייך און איטאליען, געווען פאָלשטענדיג איינשטימיג. אָסטען טשעמבערלען האָט געמאכט אזא באמערקונג:

„נאָך א מערקווירדיגען פאָרשריט האָט די גריכען ניט געלונגען צו דערגרייכען זייער ציל, און זיי האָבען זיך געמוזט צוריקציען אין אָנפאנג סעפּטעמבער.

„דאן, מיינע העררען, איז פאָרגעקומען א פאסירונג, וועלכע האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף די ווייטערדיגע אנטוויקלונגען — דער צווייטער וויזיט פון פראנקלין בויאָן קיין אנגאָרא און דער באזונדערער אָפּמאך, וואָס איז געמאכט געוואָרען ביי דער פראנצויזישער רעגירונג מיט מוסטאפא קעמאל, ווי דאָס איז אָנגעגעבען אין די דאָקומענטען, וועלכע זיינען שוין איבערגעגעבען געוואָרען צום פארלאמענט. עס קען ניט זיין קיין צווייפעל, אז אָט די האנדלונג האָט שטארק ערמוטיגט די פּרעטענזיעס פון קעמאלען און האָט געגעבען די ערשטע ערנסטע אָנווייזונג אויף וועלכע עס איז ערנסטע מיינונגס־פארשידענהייטען צווישען די אליאירטע".

וועגען אָט די „ערנסטע מיינונגס־פארשידענהייטען" האנדעלט זיך דאָס אינ'ם נאָענטען מזרח. ניט איין מלחמה איז שוין פאָרגעקומען צוליב אָט די „מיינונגס־פארשידענהייטען". צוליב זיי זיינען דאָס פאָרגעקומען אין אייראָפּא אזוי פיל בלוט־

בעדער פאַר'ן לעצטען יאָרהונדערט. און וואָס פאַר אַן אויסגאַנג אַט דער „קריזיס" צוליב דעם נאָענטען מזרח זאָל אין דעם איצטיגען מאָמענט ניט אָננעמען, וועלען אַט די „ערנסטע מיינונגס־פאַרשידענהייטען" אָנהאַלטען, אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירען דער קאַפּיטאַליזם מיט זיין שרעקליכסטען פּראָדוקט — דעם אימפּעריאַליזם.

דער קאַמף צווישען דער אַזוי־גערופענער קריסטליכער וועלט און דעם טערק ווערט אָנגעפירט שוין נאָענט צו פינף הונדערט יאָר. זינט דער טערקישער הערשער מוהאַמעד דער צווייטער האָט אין יאָר 1453 פאַרכאַפּט קאָנסטאַנטינאָפּאָל און האָט זיך באַפעסטיגט אין אייראָפּע, ווערט אָנגעפירט אַן אומאויפהערליכע מלחמה צווישען דעם קריסטליכען צלם און דער מאַכמעדאַנער האַלבער לבנה. צוערשט, ווען פאַרטריבען דורך די מאָנגאָלען פון אַזיע, האָט דער טערק געמוזט זוכען פאַר זיך אַ ווינקעל אין אייראָפּע, זיינען די אייראָפּעאישע מלוכות געווען די, וועלכע האָבען זיך געמוזט פאַרטיידיגען געגען דעם אָנגרייפער. שפּעטער אָבער, ווען דער טערק איז צע'מזק'ט געוואָרען פון די פאַראייניגטע שטאַרקסטע אייראָפּעאישע מלוכות, האָבען אַט דיזעלבע מלוכות אָנגעהויבען זיך אַרומרייסען פאַר'ן פעטען ביסען, וועלכער איז נאָך פאַרבליבען ביי טערקיי.

פאַר איבער הונדערט יאָר איז דער טערק דער „קראַנקער מאַן" פון אייראָפּע. און זיין גאַנצע קרענק באַשטייט אין דעם, וואָס ער ליגט אין אַ באַקוועמער בעט. וואָלט די געאָגראַפישע לאַגע פון טערקיי געווען עטוואָס אַנדערש, וואָלט דער קריסטליכער צלם זיך גאַנץ גוט איינגעלעבט מיט דער מאַכמעדאַנישער האַלבער לבנה. וואָלטען די דאַרדאַנעלען און דער באָספּאָרוס — אַט די צוויי שמאָלע פּאַסען וואַסער, וואָס פאַראייניגען דעם שוואַרצען ים מיט'ן מיטעללענדישען — געווען אַ פּאָר הונדערט מייל ברייטער, וואָלט דער טערק ניט געווען קיין גרעסערער חולא ווי וועלכע עס איז אַנדערע מלוכה. פון אייראָפּע, און אַפילו אַזאַ טרעגער פון סאָציאַליזם, ווי מ. באַראַנאָוו, וואָלט ניט געהאַט קיין אורזאַך אויסצוזעצען מער געגען דעם באַרבאַריזם פון טערקיי ווי געגען דעם באַרבאַריזם פון ענגלאַנד. איז אָבער די צרה, וואָס די פיל טייכען בלוט, וועלכע זיינען פאַרגאָסען געוואָרען אין די צענדליגער מלחמות אַפילו בלויז זינט נאַפּאָלעאָנס צייטען, האָבען ניט ברייטער געמאַכט די טויערען צווישען דעם שוואַרצען, מאַרמאָר און מיטעללענדישען ימים. און ווער עס האָט דעם שליסעל צו אַט די טויערען, האָט דעם באַקוועמסטען און בעסטען, און דעריבער כמעט דעם איינציגען צוטריט פון דער גאַנצער אויסערער וועלט צו די אַלע אייראָפּעאישע און אַזיאַטישע מלוכות, וואָס ליגען אַרום דעם שוואַרצען ים.

דער גאַנצער מסחר פון די אַלע אייראָפּעאישע לענדער, וואָס גרעניצען זיך דירעקט מיט'ן שוואַרצען ים, — מזרח־פּראַקיע, בולגאַריע, רומעניע, דרום־רוסלאַנד און די קאַווקאַזער רעפּובליקען, — ווי אויך פון די לענדער, וועלכע האָבען די איינציגע פאַרבינדונג מיט'ן ים דורך דעם דונאַי — טשעכאָ־סלאָוואַקיע, עסטרייך און אונגאַרן — דער מסחר פון די אַלע לענדער ווערט קאָנטראָלירט פון דעם, ווער עס האָט די ממשלה איבער די דאַרדאַנעלען און דעם באָספּאָרוס. דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. דער שוואַרצער ים איז אויך דער בעסטער צוגאַנג צו קליין־אַזיע — מעסאָפּאָטאַמיע, סיריע, פּאַלעסטינע, אַראַביע און פּערסיע. אַט די אַלע לענדער זיינען אינדוסטריעל שטאַרק אָפּגעשטאַנען. זייערע פּראָדוקטען זיינען דעריבער הויפּטזעכליך (אָדער כמעט אויסשליסליך) רויע מאַטעריאַלען, גראָד די מאַטעריאַלען, וועלכע די אינדוסטריעל־אַנטוויקעלטע לענדער פאַרמאָגען אַזוי ווייניג און נייטיגען זיך דעריבער אין זיי אַזוי שטאַרק. ווען מען האָט נאָך אין זינען דערביי, אַז צוליב די קליינע פאָדערונגען פון די פאָלקס־מאַסען אין די דאָזיגע לענדער איז אַרבייט דאָרט זייער ביליג — אַ צענדליג פון די שטאַרקסטע אַראַבער, פּערסען, אָדער אַפילו רומענישע פויערים קענען אַרבייטען פאַר אַ קלענערען פּרייז ווי איין ענגלישער אַרבייטער אָדער פראַנצויזישער פויער, — איז גאַנץ קלאָר, פאַר וואָס די אינדוסטריעל־אַנטוויקעלטע אימפּעריאַליסטישע לענדער פירען אַן אַזאַ בלוטיגע קאָנקורענץ פאַר דעם באַזיץ פון די דאַרדאַנעלען.

ווען די בורזשואַזע דיפּלאָמאַטען און זייערע געטרייע דינער אין דער פּרעסע רעדען צו דער גאַלאַרקע, צו די ברייטע פאָלקס־מאַסען, וועגען דעם נאָענטען מזרח, גייען ניט אַרונטער פון זייערע ליפּען די ווערטער: „פרייהייט פון די דאַרדאַנעלען". ווען לאָיד דזשאָרדזש האָט אָבער געמוזט אַרויסטרעטען מיט קלאָרע דבורים אין מאַנטשעסטער, כדי צו פאַרטיידיגען זיין פּאָליטיק אינ'ם נאָענטען מזרח, האָט ער חוזק געמאַכט פון זיינע קריטיקער, וועלכע פאַרגעסען אָדער מאַכען זיך ניט וויסענדיג ווי וויכטיג פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען ענגלאַנד די דאַרדאַנעלען זיינען.

ווער עס זאָל ניט זיין דער איינציגער אָדער בשותפות'דיגער באַלעבאָס איבער די דאַרדאַנעלען, מוז דער קאַמף איבער די ברעגען פונ'ם גאַנצען מאַרמאָר ים אָנהאַלטען אַזוי לאַנג, ווי עס וועט עקזיסטירען דער אימפּעריאַליזם אין אייראָפּע. און ניט נאָר אין אייראָפּע, נאָר אויך אין אַמעריקע. ווייל ווי הייליג אַמעריקע זאָל זיך כלומר'שט ניט האַלטען אַן דער אַלטער טראַדיציע פון ניט מישען זיך אין די געשעפטען פון אַנדערע וועלט־טיילען, האָט דער אימפּעריאַליזם פון די פאַראייניגטע שטאַטען שוין צו טיף אַריינגעשטעלט אַ פוס אין אַנדערע לענדער, ער זאָל זיך קענען ערלויבען נאָך אַ לאַנגע צייט ניט אַרויסטרעטען גאַנץ אָפען אַלס אַ פאַראינטערעסירטער צד. רעדענדיג וועגען דעם נאָענטען מזרח, מאַכט דער פילאַדעלפיער „פּאַבליק לעדזשער" אַזאַ באַמערקונג:

„אויב מיר זיינען נאָך אַלץ ניט צוריק אין אייראָפּע, שטיצען מיר לכל הפּחות דעם שווער־דערגרייכטען קאָנצערט פון אירע הערשענדע מעכטע".

און דער „פּראָווידענס דזשורנאַל" טרעט אַרויס נאָך מער אָפען, באַהויפּטענדיג, אַז „מיר קענען ניט אָנהאַלטען פאַר אַן אומבאַשטימטער צייט די פּראָווינציעלע אָפּגעזונדערטקייט" צוליב די פאָלגענדע אורזאַכען:

פאַר די לעצטע עטליכע יאָר זיינען די אַמעריקאַנער אינטערעסען אינ'ם נאָענטען מזרח באַדייטענד פאַרגרעסערט געוואָרען. מיר האָבען דאָרט וויכטיגע קאָמערציעלע פאַרבינדונגען, מיר האָבען געבויט פיל שולען און מיסיאָנערען סטאַנציעס אויפ'ן טערקישען באָדען, און מיר קענען ניט קוקען גלייכגילטיג אויף דער לאַגע, וואָס שטערט די דאָזיגע אינטערעסען . . . די פרייהייט פון די דאַרדאַנעלען האָט אַ דירעקטען שייכות מיט אונז . . . און דער פרידען אין אייראָפּע איז פאַר אונז אַ לעבענס־פראַגע, ניט נאָר דערפאַר וואָס דער קאָנטינענט איז אונז שולדיג עלף ביליאָן דאָלאַר, נאָר אויך דערפאַר וואָס נאָך אַזאַ אייראָפּעאישע קאַטאַסטראָפע, ווי די וואָס האָט פּאַסירט אין 1914—1918 וואָלט אויפגעטרייסעלט די גאַנצע ציוויליזאַציע, אויך אונזערע אַריינגערעכענט".

דאָ איז אויסגעלאָזען געוואָרען נאָך איין וויכטיגע קלייניגקייט: קאַווקאַז און מעסאָפּאָטאַמיע זיינען די הויפּט אויל־צענטערען אין דער גאַנצער אַלטער וועלט. אויל איז איצט אַן אַרטיקעל פון די שטאַרקסטע אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס. פאַר ראָקעפעלערן איז זייער וויכטיג, ווער עס קאָנטראָלירט דעם אַרויספיר פון אויל פון יענע געגענטען, — צי דאָס איז זיין טראַסט, אָדער אַן ענגלישע פירמע. מיט דעם וואוקס פון דער וויכטיגקייט פון אויל פאַר דער אינדוסטריע וואַקסען זיך אויך פאַנאַנדער די פיינדליכע באַציאונגען צווישען אַמעריקע און די הערשענדע רעגירונגען פון אייראָפּע. די דאַרדאַנעלען ווערען דעריבער וואָס ווייטער אַלץ מער דער קוואַל פאַר זייער ערנסטע אינטערנאַציאָנאַלע סכסוכים, און קיין אָפּמאַכען צווישען די אימפּעריאַליסטישע לענדער קענען די פראַגע ניט לעזען אויסער אַן אַלוועלטליכע סאָציאַלע רעוואָלוציע.

היינט צו טאָג איז דער סכסוך פאַרגלעט געוואָרען דורך אַ „דיל" צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך: שטער מיר ניט אינ'ם נאָענטען מזרח, וועל איך דיר ניט שטערען אין דער רהיין־געגענט. עס איז אָבער קלאָר פאַר יעדען איינעם, אַז די ביידע

לענדער וועלען אויך ווייטער אינטריגירען ארום די ברעגען פון מאַרמאַר ים. די ארמייען, וועלכע ענגלאנד, פראנקרייך און איטאליען האָבען אריינגעשיקט קיין מזרח פראקיע, צוזאמען מיט די טערקישע זשאנדארמען און די צוואנציג אמעריקאנער קריגס־שיפען, וואָס זיינען אהין אָפּגעפאָרען, וועלען זיך ניט פאַרנעמען בלויז מיט אויפפאסען איינער אויפ'ן צווייטען, אז די מאָראל פון די טערקישע הארעמען זאָל ניט געשעדיגט ווערען. די איצטיגע שליכטונג פון דער פראגע איז נאָר א פאָרבארייטונג צו א פיל ערנסטערען סכסוך.

* * *

אויב אימיצער איז ווירקליך פאראינטערעסירט אין דער אמת'ער פרייהייט פון די דארדאנעלען, איז דאָס סאָוויעט־רוסלאנד. אירע וויכטיגסטע פאָרטען, די פאָרטען, דורך וועלכע זי פלעגט אַלע מאָל און קען אָנפירען דעם גרעסטען טייל פון איר אויסלענדישען האנדעל, פאַרמאָגט רוסלאנד אויפ'ן שווארצען ים. ניט אומזיסט האָבען די פריערדיגע הערשער פון רוסלאנד, — אָנפאנגענדיג פון יעקאטערינא דער צווייטער און ענדיגענדיג מיט מיליוקאָווען און קערענסקין, — געהאט אן אמביציע צו פאַרוואנדלען קאָנסטאנטינאָפּאָל אין זייער הויפּט־שטאָט.

די סאָוויעט־רעגירונג האָט אָבער ניט קיין אימפּעריאליסטישע אמביציעס. זי זוכט ניט צו קאָנטראָלירען די דארדאנעלען, ווי וויכטיג זיי זאָלען פאַר איר ניט זיין, פּונקט אַזוי ווי זי וואָלט ניט וועלען, אז אימיצער אנדערש זאָל זיי קאָנטראָלירען. ווייל וואָס פאַר א רעגירונג אָדער קאָמבינאציע פון רעגירונגען זאָל ניט האָבען די ממשלה איבער די דארדאנעלען, וועט זי דאָס טאָן ביז זייער א גרויסען גראד אויפ'ן חשבון פון רוסלאנד. די „נייטראלע זאָנע" אויף די ברעגען פונ'ם מאַרמאַר ים, איבער וועלכער די אליאירטע (ענגלאנד, פראנקרייך און איטאליען) האָבען איצט די דעה, איז שוין גאָר ניט נייטראל צום רוסישען מסחר. פאַר סאָוויעט־רוסלאנד איז דעריבער וויכטיג דורכצורייסען אָט די בלאָקאדע זאָנע. צי איר וועט דאָס געלינגען אזוי שנעל, איז א פראגע. איר וועט אָבער וואַרשיינליך געלונגען צו צערייסען די אימפּעריאליסטישע שותפים אין דער בלאָקאדע. דאָס זוכט זי צו טאָן דורך דעם, וואָס זי זוכט נאָך מער אָנצושטויסען ענגלאנד נעגען פראנקרייך.

אז אין דער הינזיכט זיינען אירע באַמיאונגען ניט אומזיסט, איבערצייגט אונז די ענדערונג אין די באַציאונגען פון פראנקרייך צו רוסלאנד. פראנקרייך, וועלכע איז די גאַנצע צייט געווען דער פאַרביסענסטער שונא פון סאָוויעט־רוסלאנד; פראנקרייך, וועלכע איז געווען נאָך מיט עטליכע מאָנאטען צוריק, אויף דער גענוער קאָנפערענץ, דער הויפּט־געגנער פון קאָמערציעלע פאַרבינדונגען מיט רוסלאנד, — אָט דיזעלבע פראנקרייך רעדט שוין איצט גאַנץ ערנסט וועגען אומאָפּהענגיגער קאָמערציעלער פאַרבינדונג מיט'ן לאנד פון דער סאָוויעט־רעגירונג. אויב דער סאָוויעט־רעגירונג זאָל ווירקליך געלינגען צו קריגען אין פראנקרייך אזא „פאַרבינדעטע", וועט סאָוויעט־רוסלאנד דערפון זייער פיל געווינען. ווייל דאָס וועט צווינגען ניט נאָר ענגלאנד, נאָר אפילו אמעריקע, ווייכער צו ווערען אין זייער ברוגז צו די באָלשעוויקעס. דאָס וועט אָבער אין דערזעלבער צייט נאָך ביטערער מאַכען די באַציאונגען צווישען די אימפּעריאליסטישע לענדער, און ארום די דארדאנעלען וועלען ווידער פאָכען די שווערדען פאַר פאַרשידענע נאַציאָנאַלע קאָלירען.

דער אימפּעריאליסטישער קנויל ווערט אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט פון אַלע זייטען, און בלויז דער אומ'ברחמנות'דיגער שווערד פון א פּראָלעטארישער רעוואָלוציע קען אים ענדגילטיג איבערשניידען.

# די היים און די סקול

פון ל. לעהרער

מיין באַקאַנטער האָט מיר אַנומעלטען פאָרגעשטעלט זיינע צוויי קינדער. ער האָט מיך צוגעפירט צום עלטערען זון און געזאָגט: „דאָס איז מיין פאָלקס־אויסגאַבע", און צום אינגערען: „דאָס איז מיין עדישאָן דע לוקס". א גליק, האָב איך געטראַכט, וואָס ער האָט בלויז צוויי קינדער. וואָלט ער, חס ושלום, געהאט, לאָמיר זאָגען, דריי, וואָלט אן אומשולדיגער וויץ אַוועק פון דער וועלט נאָך איידער ער וואָלט דערזען די ליכטיגע שיין.

איך ווייס ניט, צי מיין פריינד האָט טאַקע געזאָגט אן אמת, ד. ה. צי זיין עלטערער זון איז טאַקע ווייניגער געראָטען ווי דער אינגערער. ער האָט אָבער יעדענפאַלס אויסגעדריקט א געפיל, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר עלטערן; וואָס אינגער דאָס קינד, אַלץ מער „דע לוקס". אַך, גאָטעניו, ווען עס וואָלט טאַקע אמת געווען וואָס עלטערן דענקען וועגען זייערע קינדער! די וועלט וואָלט דאַך פיל געווען מיט חכמים און גאונים, וואָס דאָס וואָלט זיכער געווען כמעט אַזאַ'ן אומגליק, ווי עס איז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. עפּעס א ווערטעלע אויסצורעדען, א וועלט וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט פירער, דיכטער, ווירטואָזען און זשעניען. אַפּילו אַלע פּלאַנעטען צוזאַמענגענומען וואָלטען דאָך געווען צו ענג פאַר אזא מענשהייט. עס איז דאָך איבעריג צו זאָגען, אז דעמאָלט וואָלטען אפילו די לינקסטע שב'לינקסטע פאַרצווייפעלט אויפגעגעבען דעם קאַמף.

פון וואַנען זשע נעמט זיך וואָס עלטערן זאָלען אַזוי איבערטרייבען די מעלות פון זייערע קינדער? דער ערשטער ענטפער וואָס ליגט אויפ'ן וועג איז, אז דאָס נעמט זיך פון גרויס ליבע.

אין פלוג זעט דאָס אויס צו זיין א גאַנץ ריכטיגער ארגומענט, אן ארגומענט, אגב, וואָס מען קען ניט אַוועקמאַכען מיט'ן האַנט. עס איז אָבער דאָך ניט דער גאַנצער אמת. וואָרים וואָלט די גרויסע עלטערן־ליבע געווען די איינציגע סיבה פון דער איבערטרייבונג, פאַרוואָס זשע האַלט זי בלויז אָן בעת די קינדער זיינען יונג? פאַרוואָס פאַרשווינדט די ווילדע איבערטרייבונג בעת די קינדער ווערען עלטער, כאָטש די ליבע מצד די עלטערן ווערט אויך דעמאָלט א האָר ניט שוואַכער?

מיר שיינט אז דאָס נעמט זיך פונ'ם פאַקט וואָס מענשען האָבען בכלל א פאַלשען באַגריף וועגען דעם ווי אַזוי מיר לערנען זיך אויס נייע זאַכען. עס איז אן אָנגענומענער גלייבען, אז כדי מען זאָל זיך עפּעס אויסלערנען, דאַרף מען האָבען אימיצען וואָס זאָל אונז דירעקט אָנווייזען מיט'ן טייטעל און זוכען מיט אַלע כחות אונז צו געבען צו פאַרשטיין אַלץ וואָס האָט א שייכות צו דער זאַך. אנדערש וואָלטען מיר געבליבען אייביגע עמי הארצים. דעריבער, ווען א קינד זאָגט עפּעס וואָס קיינער האָט אים באַוואוסטזיניג דירעקט ניט אויסגעלערנט, קלינגט עס ווי א געוואַלטיגע חכמה, און מיר, אַלס עלטערן, באַשליסען, אז אַזעלכעס איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, און מיר וואַרטען מיט באַהאַלטענער און אָפענער פרייד אויף דעם גרויסען שמאָס, וואָס וועט זיך פאַנאַנדערבליען פונ'ם קליינעם וואָרצעל. צום באַדויערען איז אָבער די גאַנצע האָפענונג געבויט אויף א פאַלשען באַגריף. און סוף כל סוף דערוויסען מיר זיך טאַקע, אז דאָס, אויף וואָס מיר האָבען זיך געריכט, איז ליידער ניט פאַרווירקליכט געוואָרען. דער פּראָצעס איז אָבער אַזאַ לאַנגזאַמער, אז

בעת דאָס קינד וואַקסט אויף, פאַרגעסען מיר אינגאַנצען וואָס מיר האָבען געדענקט און געפילט וועגען אים אין דער קינדהייט, און די לעקציע, וועלכע מיר וואָלטען אַזוי נייטיג געדאַרפט לערנען, גייט אונז פאַרביי אָן שום ווירקונג.

מיר האָבען אין אַלגעמיין צוויי סאָרטען לערער: באַוואוסטזיניגע און אומבאַוואוסטזיניגע. אַ באַוואוסטזיניגער לערער איז אַזאַ וואָס באַמיט זיך אַרויסצוברענגען אַ באַשטימטען איינפלוס, זוכט אונז צו פירען אויף באַשטימטע וועגען און דערפירען צו געוויסע צילען. ער האָט אַ דערציערישען ווילען, אַ וועג און אַן ענד־ציל, און זיין יעדע האַנדלונג, בנוגע די וועלכע ער לערנט, זיינען באַפאַרבט מיט אַט דעם דרייפאַכען פאַרמעגען זיינעם. דער באַוואוסטזיניגער לערער האַלט זיך תמיד אין דער האַנט, ער קאָנטראָלירט זיינע האַנדלונגען, ער קען ניט זיין אינגאַנצען פריי אַלס דערציער אָדער לערער, ווייל ער דאַרף שטענדיג געדענקען אַז ער האָט אַן ענדציל, וואָס איז דער איינציגער מאָטיוו פון זיין לערערשער עקזיסטענץ. ער דאַרף דעריבער אויסמיידען אַלץ וואָס איז להיפוך צו אַט דעם מאָטיוו.

אַנדערש איז אָבער דער אומבאַוואוסטזיניגער לערער. דאָ האָבען מיר בכלל ניט בלויז צו טאָן מיט מענשען, נאָר אויך מיט זאַכען. די באַל לערנט דאָס קינד די טבע פון גומע, דעם בעסטען אופן ווי צו כאַפּען אַ זאַך וואָס שפּרינגט אָפּ, ווי צו האַלטען זי אין דער האַנט ביים וואַרפען כדי זי זאָל פליען וואָס העכער, ווי צו האַלטען די הענט ביים כאַפּען כדי עס זאָל וואָס וויניגער וויי טאָן, א. א. וו. קיינער קען ניט אַ קינד אַזוי אויסלערנען, אַז פייער איז געפערליך, ווי דאָס פייער אַליין. פאַר די ערשטע עלעמענטען פון זאָאָלאָגיע איז די אַרומיגע סביבה דער בעסטער לערער. אַפילו אַ צוויי־יעריג קינד ווייסט שוין אַז אַ הינטעלע מאַכט „בו־בו" און אַ קעצעלע „מיאו־מיאו", אַז אַ פייגעלע פליט און אין וואַסער (פון פיש־מאַרק) שווימען אַרום פיש. דאָס זעלביגע איז אמת וועגען די ערשטע עלעמענטען פון נאַטור־וויסענשאַפט, א. ד. ג. ווען מען האָט אין זין אָט די אַלע זאַכען, ד. ה. דעם קינדס אַלזייטיגע סביבה: די היים, די גאַס, שפּילצייג, חברים, צופעליגע באַמערקונגען פון דערוואַקסענע, געזעענע בילדער פון דערוואַקסענעם לעבען. מיט איין וואָרט, ווען מיר האָבען אין זין די געוואַלטיגע רייכקייט, פאַרוויקעלטקייט און ווירקונג פונ'ם אומבאַוואוסטזיניגען לערער — פון דער פיזישער און סאָציאַלער סביבה — ווערט אונז פיל ליכטיגער אין די אויגען בנוגע דעם גאַנצען ענין. אין דער אמת'ן, ווען מיר זאָלען געהעריג נאָכפאָלגען דאָס לעבען פון אַ קינד, און די זאַכען וואָס באַאיינפלוסען אים, וואָלטען מיר קלאָרער פאַרשטאַנען דעם אומגעריכטען שכל, וואָס ער ווייזט אָפּט אַרויס; מיר וואָלטען גיכער באַגריפען זיינע פאָדערונגען און ממילא זיי גיכער געקענט באַפרידיגען.

איינס פון די וויכטיגסטע אויפגאַבע אין דער נאָרמאַלער ערציאונג פון אַ קינד איז, אַז די באַוואוסטזיניגע לערער זאָלען זיך צופּאַסען צו די אומבאַוואוסטזיניגע; אַז עס זאָלען קיין קאָנפליקטען ניט פאָרקומען צווישען זיי. עס איז, למשל, פיל וויכטיגער צו ענטפערען אַ קינד אויף זיינע פראַגעס, איידער געבען אים פאַרטיגע ענטפערס אויף זאַכען וואָס מיר, דערוואַקסענע, דענקען אַז זיי זיינען וויכטיג. מיר, דערוואַקסענע, די באַוואוסטזיניגע לערער, דאַרפען תמיד שטיין אויף דער וואַך און אַכטונג געבען אויף דעם וואָס דאָס קינד וויל וויסען. מיר דאַרפען ביי זיך פרעגען: וואָס אַרט אים? וואָס איז אים ניט קלאָר? וואָס זוכט ער צו פאַרשטיין און פאַרשטייט ניט? און דערצו צופּאַסען די ידיעות וואָס מיר זוכען אים צו געבען.

וואָס איז געווען דער הויפּט־חסרון פונ'ם אַמאָליגען חדר? ניט דאָס וואָס דאָס צימער איז געווען אַ שרעקליכער פּראָטעסט אַנטקעגען די עלעמענטאַרסטע כללים פון היגיענע. אַפילו ניט דאָס וואָס דער רבי איז געווען אַ מענש אָן וועלטליכער בילדונג, און וואָס אים זיינען געווען פרעמד אַפילו די פשוט'סטע געדאַנקען פון דער פּעדאַגאָגישער וויסענשאַפט. דער הויפּט־חסרון איז געווען וואָס דער רבי — דער באַוואוסטזיניגער לערער — האָט זיך באַין אופן ניט געקענט צופּאַסען צום קינדס אומבאַוואוסטזיניגע לערער. וואָלט, למשל, אַ חדר־אינגעל געוואַגט צו פרעגען ביי זיין רבי'ן ווי אַזוי מען קען מאַכען אַ גוטען גליטש? קיינמאָל ניט. ער האָט געפילט אַז אויף אַזאַ מין פראַגע וועט ער באַקומען אַן ענטפער וואָס ער וועט האָבען צו געדענקען אויף לאַנגע יאָרען. אמת, אַ גליטש איז ביי אים טאַקע געווען אַ פולבלוטיגער לעבענס־אינטערעס. יעדע דערקלערונג וועגען אַ גליטש, מיט אַלע איינצעלהייטען, וואָלט פאַרכאַפּט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, און זיינע אומבאַוואוסטזיניגע לערער — די גאַס, דאָס וועטער, זיינע חברים — האָבען כסדר אָנגערעגט זיין האַרץ און מוח אין דער דאָזיגער ריכטונג. דאָך האָט ער געמוזט אונטערדריקען אין זיך יעדען סימן פון אָט דעם לעבענס־אינטערעס בעת ער איז געקומען אין חדר. פון דער אַנדערער זייט האָט ער אָבער קלאָר געדאַרפט געדענקען דעם חילוק צווישען אַ „קרבן עולה" און אַ „קרבן תמיד", כאָטש ער וואָלט זיך אַ האָר ניט געפילט שוואַכער אין געזונט און אין חכמה אָן דער דאָזיגער אינפאָרמאַציע. דער רבי האָט אָבער איגנאָרירט אַלע אַנדערע כחות וואָס וועקען־און אַנטוויקלען דעם קינדס געדאַנקען, און אַוועקגעשטעלט זיינע לימודים ווי איינציג־ווערטפולע ידיעות, אויף וועלכע עס לוינט זיך אָפּצוגעבען צייט. דאָס וואָס דעם קינדס לעבען האָט להלוטין ניט אַרויסגעבראַכט קיין פאַרלאַנגען צו האָבען אַזעלכע ידיעות, דאָס האָט אים אינגאַנצען ניט געאַרט, ווייל זיין שטאַנדפּונקט האָט לכתחילה געפאָדערט ניט זיך צוצופּאַסען, נאָר זיך אַרויפצווינגען, ניט צו שטילען אַרויסגעבראַכטע פאַרלאַנגען, נאָר צוצוקלעפּען דערוואַקסענע באַגריפען. פונקט ווי מען פלעגט פאַרלאַנגען פון שניידער ער זאָל מאַכען אַ גרויסע קאַפּאָטע פאַר אַ קליין קינד, ווייל „אַ קינד האַלט אין וואַקסען", אַזוי האָט אויך דער מלמד געדאַרפט אים איינהילען אין אַ דערוואַקסענער תורה, כדי „ווען ער וועט עלטער ווערען וועט ער וויסען". מען האָט דעם קינד נעגעבען צו קייען כדי ער זאָל שפּעטער האָבען וואָס צו פאַרדייען.

אין פלוג קען זיך אויסווייזען אַז אין אַמעריקע איז אָט די פראַגע שוין ברוך השם אינגאַנצען פאַרענטפערט. באמת, די אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול לייגט זיכער פיל מער געוויכט אויף דער „גליטש" איידער אויפ'ן חילוק צווישען אַ „קרבן עולה" און אַ „קרבן תמיד". דאָס איז אָבער נאָר גערעדט געוואָרען ווען מיר קוקען אויף דער זאַך פון אויבען־אויף. קוקט מען אָבער אַריין אַביסעל טיפער אינ'ם ענין, דערזעט מען אַ בילד וואָס איז אין עטליכע זייער וויכטיגע פּרטים נאָך ערגער ווי אין חדר.

נעמט למשל אַ שפּאַציר איבער ניו־יאָרק. אָט זייט איר אין אַ אידישער געגענט, אָט אין אַן איטאַליענישער. קען מען עפּעס דערקענען אַן אונטערשיד צווישען זיי? אויב מען איז ניט בלינד, וואַרפט זיך דער חילוק זייער שטאַרק אין די אויגען. עפּעס גאָר אַן אַנדער סאָרט לעבען, אַן אַנדער אויסקוק, אַן אַנדער באַוועגונג, אַן אַנדער לעבענס־ריטעם, אַנדערע פריידען און אַנדערע ליידען. די דאָזיגע אַנדערשקייט איז אייגענטליך דער וויכטיגסטער מאָמענט פונ'ם איינפלוס פון די אומבאַוואוסטזיניגע לערער. די אייגענאַרטיגקייט פונ'ם לעבען רייסט זיך אַריין אין סאַמע תוך פונ'ם קינדס פערזענליכקייט און ווערט דער באַזיס פון זיין פילען און דענקען. מיר האָבען שוין געזען אַז דאָס חדר האָט די דאָזיגע טייל פונ'ם לעבען היבשליך איגנאָרירט, לכל הפּחות, אויף וויפיל עס האָט געהאַט אַ דירעקטע שייכות צום קינד. ווי זשע האַלט עס מיט דער פּאַבליק־סקול?

לאָמיר ווייטער אָנגיין מיט אונזער שפּאַציר און לאָמיר אויפ'ן וועג באַזוכען צוויי דורכשניטליכע פּאַבליק־סקולס אין די צוויי דערמאָנטע קוואַרטאַלען. וואָסער אונטערשיד זעען מיר דאָ? לחלוטין גאָרניט. [illegible] זעלביגע לימודים, די זעלביגע לערער, די זעלביגע דעקאָראַ[illegible]לץ דאָס זעלביגע. מען דאַרף גאָר ניט זיין קיין פּעדאַגאָ[illegible], יעדער מענש מיט אַביסעל שכל הישר וועט גלייך זאָגען, [illegible] אין לעבען איז יאָ פאַראַן אַ

חילוק און אין דער שול ניט, דעמאָלט וואָלט מען געדאַרפט אוועקנעמען, אָדער דאָס לעבען אָדער די שול, אויב מיר ווילען אַז אונזערע קינדער זאָלען וואַקסען און זיך אנטוויקלען אויף אַ נאָרמאַלען שטייגער. אָבער אַזוי ווי דאָס געזעץ איז זייער שטרענג בנוגע אוועקנעמען דאָס לעבען, טאָ וואָס זשע בלייבט צו טאָן?

פונקט ווי דאָס אַמאָליגע חדר־אינגעל וואָלט ניט געוואָגט צו דערמאָנען אין חדר זיין גליטש, ווייל משה'לע האָט געפילט אַז ניט דאָ איז דער פּלאַץ פאַר'ן פרייען אויסדרוק פון זיינע געפילען, אַזוי פילען דאָ ביי אונז איבי און טאָני, אַז זיי זיינען אין גלות, אַז געוויסע ענינים וואָס זיינען זיי אַזוי נאָענט טאָרען זיי אין סקול ניט אַריינברענגען. וואָרים אָדער מען וועט זיי זאָגען אַז „דאָ איז אַמעריקע", און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו פרעמדע זיטען, ימים־טובים, א. אז. וו. טאָרען דאָ ניט דערמאָנט ווערען, אָדער די לערערין איז אַ פרעמדע און האָט קיין באַגריף ניט וועגען די אינטימערע זייטען פונ'ם לעבען פון אירע תלמידים. אַט האָט מיר אַ פּאַבליק־סקול לערערין אַנומלטען דערציילט וועגען אירם אַ באַזוך ביי אַ רב, און זי האָט זיך שטאַרק געוואונדערט אויף זיין גראָבקייט, וואָס ער האָט געטראָגען זיין הוט בעת ער האָט גערעדט צו איר. זי ווייס, זאָגט זי, אַז פרומע אידען פירען זיך אַזוי, אָבער אַ גראָבקייט איז עס דאָך. אַז אַזאַ שטיק אומוויסענהייט (וועגען דעם אידישען לעבען), און אומדערוואַקסענקייט (אין אויפפאַסען פרעמדע זיטען) זאָל זיין דער באַוואוסטזיניגער לערער פון אידישע קינדער, איז להיפוך צו די סאַמע עלעמענטאַרסטע פּעדאַגאָגישע כללים. אָפטמאָל פירען אונזערע פּאַבליק־סקולס אַ פּאָליטיק, וואָס דערמאָנט שטאַרק אָן דער אַמאָליגער רוסישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. דאָרט פלעגט מען פוילישע סאָלדאַטען שיקען קיין סיביר און סיבירער קיין פוילען. ביי אונז פירט זיך אָפט אָן ענליכע פּאָליטיק בנוגע דער נאַציאָנאַליטעט פון לערער און קינדער.

אויב אָבער אין חדר האָט כמעט געהערשט אַ פולע הסכמה צווישען לערער און עלטערן, די צוויי באַוואוסטזיניגע לערער, וואָס שפּילען די הויפּט־ראָלע אין קינדס לעבען, זעען מיר אין פּאַבליק־סקול פונקט דאָס פאַרקערטע. דאָ פירט זיך אָן אַ שטילער און אָפענער קאַמף אַנטקעגען די שענסטע זייטען פון די עלטערנס איינפלוס, און דער נאַטירליכער פועל יוצא, אַז ביידע אויטאָריטעטען, די שול און די היים, פאַרלירען אין זייער ווערט און איינפלוס, אין די גראַנקען און געפילען פון קינד.

די שול איז געשאַפען געוואָרען מיט'ן צוועק צו באַרייכערען און סיסטעמאַטיזירען דעם קינדס וויסען אין אַ צייט ווען זיינע פאָדערונגען זיינען צו גרויס, אַז זיי זאָלען קענען באַפריעדיגט ווערען אין דער היים, אַפילו ווען די עלטערן זאָלען האָבען די צייט, דאָס וויסען און די פעאיגקייט דאָס צו טאָן. דאָס קינד הייבט זיך אָן צו לערנען ביי זיין געבורט. עס וואַקסט און ווערט רייכער אין וויסען ביז זעקס יאָר. דעמאָלט דאַרף קומען די שול, מיט אירע גרעסערע מעגליכקייטען, מיט איר ברייטערער צוגרייטונג און רייכערע מיטלען, און בויען ווייטער אויפ'ן שוין־פאַרהאַנענעם פונדאַמענט; ווייטער ציען דעם פאָדים, וואָס הייבט זיך אָן אין ערשטען טאָג פון לעבען.

אונזער פּאַבליק־סקול איז אָבער ניט אַזוי ווייט פאַראינטערעסירט אין ציען פעדים, ווי אין זיי צערייסען, ניט אַזוי ווייט אין אַנטוויקלען ווי אין פאַנאַנדערוויקלען. דאָס איז אייגענטליך ניט קיין פּעדאַגאָגישע, נאָר אַ פּאָליטישע אינסטיטוציע. די פונדאַמענטאַלע טעאָריע פון דער פּאַבליק־סקול, אין איר פּראַקטישער אַרבייט, איז ניט אַזוי ווייט דאָס וואוילזיין פונ'ם קינד, ווי די נייטיגקייט צו זיין אַ טרייב־קראַפט פאַר'ן אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ משוגעת. אין לעצטען סך־הכל פירט אַזאַ טעאָריע, אַז די אינסטיטוציע זאָל ווערען אַ שרייפעל אין דער גרויסער מאַשין פון אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון די פירענדיגע וועלט־מלוכות.

נאָכאַמאָל, די פּאַבליק־סקול איז מער אַ פּאָליטישע איידער אַ פּעדאַגאָגישע אינסטיטוציע, און נאָר דעריבער איז מעגליך אַז וויכטיגער ערציערישער מאַטעריאַל זאָל מוטוויליג איגנאָרירט, און אַפילו אַקטיוו אָפּגעשטויסען ווערען. אַט נעמט אַזאַ ביישפּיל. אין די לעצטע יאָרען איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע אין אידישען לעבען. עס איז כמעט ניטאָ קיין אידישע היים אין אַמעריקע וואָס איז ניט אָנגערירט געוואָרען, דירעקט אָדער אומדירעקט, פון די פּאָגראָמען. וויפיל טרערען און ווייטאָג האָט דאָס אידישע קינד צוגעזען ביי זיך אין דער היים אין די לעצטע יאָרען. אין טויזענטער היימען האָבען מאַמעס און טאַטעס אָנגעוויזען די קינדער אויף די פאָטאָגראַפיעס פון קרובים פון דער אַלטער היים, און זיי דערציילט פון די שרעקען וואָס יענע מענשען האָבען איבערגעלעבט, אויב זיי האָבען זיי איבערגעלעבט. וואָסער זעלטענער מאַטעריאַל דאָס וואָלט געווען צו באַלייכטען פאַר אונזערע קינדער די גאַנצע קאַטאַסטראָפע אין ליכט פון אַ ברייטער היסטאָרישער און וויסענשאַפטליכער אויסטייטשונג. וואָסער געוואַלטיגער מאָראַלער ווערט אַזאַ'ן אויסטייטשונג וואָלט געקענט האָבען פאַר אונזערע קינדער. ווי נאָענט דאָס וואָלט צוזאַמענגעבראַכט היים און סקול, וואָס דערין אַליין ליגט אַ גרויסער מאָראַלער און פּסיכיש־היגיענישער ווערט. ניט דאָס איז אָבער דער צוועק, ווייזט אויס, פון דער פּאָליטישער אינסטיטוציע וואָס רופט זיך פּאַבליק־סקול, איך מיין נאַטירליך די דורכשניטליכע סקול.

אונזערע קינדער פילען אַז בעת זיי גייען אין סקול דאַרפען זיי פאַרניכטען אין זיך זייער היים. זיי דאַרפען זיך אויסערליך שעמען מיט דעם וואָס איז זיי אין דער אמת'ן ליב און טייער. זיי זיינען געצוואונגען צו דערשטיקען אין זיך די טיפערע רעגונגען פון דער נשמה. די סקול איז אַ פרעמדע וועלט, וואָס זוכט אונטערצוגראָבען אַ נאַטירליכען איינפלוס, און דערמיט גראָבט זי אונטער יעדען איינפלוס. דער קלעגליכער גייסטיגער צושטאַנד פון אונזער אַמעריקאַנער יוגענט איז אייגענטליך ניט קיין רעזולטאַט פון דער היגער סקול, נאָר אַ רעזולטאַט פון איר סיסטעמאַטישער איינפלוסלאָזיגקייט; עס איז אַ רעזולטאַט פון דער סקולס נעגאַטיווען כאַראַקטער.

פון דער היים אין סקול פירט אַ האַרטער, שטיינערנער טראָטואַר. דאָס, און מער גאָרניט, אָבער לחלוטין גאָרניט.

---

דעם 12־טען אָקטאָבער איז געוואָרען 430 יאָר זינט קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע, נעמליך אין יאָר 1492. אין דעם אייגענעם יאָר זיינען אידען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניע.

# פון ברענטש צו ברענטש

פון א. רעפּאָרטער

— וואָס הערט זיך דעם חודש אין די ברענטשעס פון ארבייטער רינג?

— אלדאָס גוטס! אויף אלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרען, און לאָמיר האָפען, אז דער דאָזיגער צושטאנד וועט זיך ציען און ציען, און מיר אלע וועלען דערלעבען צו הערען, אז וואו עס קומען זיך נאָר צוזאמען אידישע ארבייטער, האָבען זיי נים קיין גרעסערע דאגות, ווי עס האָבען געהאט די ברענטשעס פון ארבייטער רינג אין די, אָווענטען, וואָס איך האָב זיי באזוכט.

און אז מיר בעטען שוין, לאָמיר איין וועגס בעטען, אז מיר זאָלען דערלעבען צו הערען, אז אָט די פּראָבלעם פארנעמט דעם אויבען־אָן אין די פארהאנדלונגען פון אידישע ארבייטער־פאראיינען אין דער אלטער היים. איך זאָג אייך, אז עס וואָלט שוין געווען איינמאָל אָל־רייט. אמת, ווען דאָס זאָל געשען, וואָלט אונז געוואָרען אביסעל לאנגווייליג, ווייל מען וואָלט שוין נים געדאַרפט האָבען די כל־ערליי מינים רעליף און במילא די אלע קריגערייען וועגען דעם ווי אזוי אונזער הילף דארף צעטיילט ווערען. דאָס וואָלט געווען א גרויסער שאָד, אז מען קריגט זיך איז פאָרט אביסעל פרייליכער און, וואָס ס'איז דער עיקר, אז מען קריגט זיך איז בילינער: מען גיט ביידע צדדים נים, און הערצו איז מען נאָך א פּרינציפּיעלער מענש: איר פארשטייט דאָך, מען מוז אונטערזוכען אויף וועלכען וועג די הילף וועט זיין ווירקזאם.

ווי געזאָגט, איז אָלץ אָל־רייט אין די ברענטשעס, וואָס איך האָב באזוכט. און ווי זאָל עס נים זיין אָל־רייט, אז צו וועלכען ברענטש איך בין נים אריינגעקומען האָט מען פארהאנדעלט וועגען באנקעטען, און מיט מוזיק, און מיט אלע אנדערע גוטע זאכען, וואָס פאָדערען זיך צו א באנקעט. און צוליב וואָס צו מאכען א באנקעט איז אומעטום געווען א גוטע אורזאך: מיינסטענס האָט זיך געהאנדעלט וועגען א יובילעאום פון ברענטש, א געניגענדע אורזאך אז די מיטגלידער זאָלען וועלען אביסעל פרייליך פארברענגען. אפילו איך האָב זיך שוין גענומען באלעקען; באזונדערס באלעקען האָב איך זיך גענומען, ווען איך בין געוואָר געוואָרען, אז בר. 100 קלייבט זיך צו פארהאנדלען וועגען זייער באנקעט, וואָס זיי ווילען מאכען אין דריי יאָר ארום, ווען זייער ברענטש וועט ווערען צוואנציג יאָר אלט. אויב מען גייט זיך קלייבען מיט דריי יאָר פריער, וועט דאָס זיכער זיין אזא באנקעט, אז מען וועט אים דארפען מקנא זיין; און מיר ווערט שוין פרייליך, וואָרים איך שטעל דאָך מיר נים פאָר, אז א ברענטש זאָל נים איינלאַדען דעם רעפּאָרטער פון „פריינד" צו זייערען א באנקעט. אָבער דערווייל איז מיר טרויעריג: ניטאָ וועגען וואָס צו שרייבען אין „פריינד", כאָטש גיי און שרייב וואָס מען וועט סערווירען ביי די באנקעטען. באמת, אן עולה פון די ברענטשעס, זיי דארפען דערפילען, ווען עס וויל זיך אריינכאפּען צו זיי דער רעפּאָרטער, און אין אזוינע אָווענטען דארפען זיי פארהאנדלען בלויז „גרויסע" פראגען.

* * *

ווען איך בין אריינגעקומען אין לאָקאל פון א גרויסען ברענטש, וואָס האָט באשלאָסען צו האָבען א באנקעט, וואָס וועט אָפּקאָסטען אין די שוועהע הונדערטער, אויב נים מער, איז דער טשערמאן געשטאנען אין אן עטוואָס איינגעבויגענער פּאָזע און מיט כמעט א פייערליכער שטימע האָט ער גערעדט צו די צוויי יונגע לייט, וואָס זיינען געשטאנען איינער רעכטס און איינער לינקס פון אים, וועגען די פּרינציפּען און אויפגאבען פון א. ר. „געווים — האָט דער טשערמאן זיי געזאָגט — האָבען די פאַרשלעגער אייך ערקלערט וואָס עס באדייט צו זיין א מעמבער פון ארבייטער רינג. איך וועל עס אייך אין קורצען ווידערהאָלען: זייט נים קיין סקעבס! איר טאָרט נים סקעבען! עקאָנאָמיש אזוי גוט ווי פּאָליטיש! איר טאָרט נים שטימען פאר א קאפּיטאליסטישען קאנדידאט! דאָס איז פּאָליטישע סקעבעריי, וואָס איז זיכער נים ווייניגער פארברעכעריש ווי פּשוט'ע סקעבעריי. זייט איר איינפארשטאנען?" — און ווען די צוויי קאנדידאטען האָבען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ, האָט דער טשערמאן אויסגערופען: „דערמיט ערקלער איך אייך פאר מיטגלידער פון ברענטש . . . ארבייטער רינג".

גלייך נאָכדעם איז פאָרגעלעזען געוואָרען א צושריפט פון דער מאיר לאָנדאָן קאמפּיין קאָמיטע, וואו עס איז ערקלערט געוואָרען די נויטווענדיגקייט צו שאפען א גרויסען פאָנד פאר מאיר לאָנדאָנס ווידערערוויילונג. עס זיינען געמאכט געוואָרען צוויי פאָרשלאָגען: איין פאָרשלאָג צו שטיצען דעם קאמפּיין מיט צען דאָלאר און דער צווייטער פאָרשלאָג פאר פינף דאָלאר. מיט א מערהייט שטימען איז דורכגעגאנגען דער פאָרשלאָג פאר פינף דאָלאר. מסתמא איז דער ברענטש אין נים קיין איבעריג גוטען פינאנציעלען צושטאנד, און אפשר איז פינף דאָלאר גענוג פאר א ברענטש פון א. ר. וואָס האלט שטענדיג אין איין געבען; אָבער נאָך דער ערלקערונג פון טשערמאן וועגען פּאָליטישער סקעבעריי, האָט עס זיך ביי מיר עפּעס נים זייער גוט געגראמט, וואָס דער פאָרשלאָג פון צען דאָלאר איז דורכגעפאלען.

* * *

די לעצטע קאָנווענשאָן פון א. ר. האָט בריים פארהאנדעלט די פראגע וועגען בויען א היים פאר אלטע מיטגלידער פון א. ר. עס זיינען אָנגענומען געוואָרען פאסענדע באשלוסען. אָבער די גאנצע פראגע וועגען בויען א היים פאר אלטע מיטגלידער האָט ארויסגערופען זייער טרויעריגע געדאנקען ביי פריינד ס. ליפּקין, א מיטגליד פון בר. 169, ווינניפּעג, קענעדע.

ער לייקענט נים, אין זיין בריף, וואָס ער האָט אונז צוגעשיקט, אז דאָס איז א וויכטיגע פראגע, אָבער ער גלויבט אז מיר האָבען איצט א פיל וויכטיגערע, און דאָס איז, אז מיר זאָלען זען, אז אונזערע מיטגלידער זאָלען זיך עלטערען אין א. ר. ער ציטירט מרדכי'ס ווערטען צו אסתר'ן: „ווער ווייסט, צי ווערסט דערמאָלט נאָך זיין א מלכה". און אין דעם פאַל מיינט עס: „ווער ווייסט וויפיל היינטיגע מיטגלידער ס'וועלען האָבען די געלעגענהייט צו זיין אלטע מיטגלידער אין א. ר.? די בילס ווערען וואָס אמאָל העכער און זיי הייבען אָן פאלען שווער. דאָס איז די אורזאך, וואָס פילע לאָזען זיך שטרייכען". דאָס ערגסטע, מיינט דער שרייבער פון דעם בריף, איז דאָס, וואָס לויט די איצטיגע געזעצען פילט זיך דער מיטגליד ווי א טענאנט ביי א לענדלאָרד: קענסט צאָלען און צאָלען יאָרען און יאָרען, נאָר אויב דו האָסט נים איין קווארטאל צו צאָלען, ווערסטו ארויסגעוואָרפען. ער וויל נים אָנקומען צו דער פריינדליכקייט פון ברענטש, נאָר ער וויל, אז עס זאָלען געשאפען ווערען געזעצען, וואָס זאָלען באשיצען מיטגלידער, וואָס זיינען א מער אָדער ווייניגער לענגערע צייט אין א. ר., אז זיי זאָלען נים געשטראָכען ווערען אויב זיי זיינען גראָד אין א געענגטער לאַגע און קענען נים באצאָלען זייערע בילס. ער פאָדערט נים, אז די שולדען זאָלען זיי געשענקט ווערען, נאָר עס זאָל געשאפען ווערען א סאָרט עקסטענדעט אינשורענס מיט א פארשטענדעניש ביסלעכווייז אָפּצוצאָלען דעם חוב אין די קומענדע קווארטאלע[illegible] וואָלט דעם מיטגליד נאָך מער צוגעבונדען צו דעם א.[illegible] בריף ווערט פארענדיגט מיט דער האָפענונג, אז די גא[illegible]גלידערשאפט, ווי די נאציאָנאלע

עקזעקוטיווע, וועלען זיך פארטראכטען וועגען דער פראגע און די קומענדע קאנווענשאן וועט וועגען דעם האנדלען.

* * *

א קלענערער ביל איז א ווילקאמענער גאסט, ווי א גרויסער, איז א גאנץ פארשטענדליכע זאך. אבער צי דאס איז די אורזאך וואס מיטגלידער לאזען זיך שטרייכען פון א. ר., איז זייער א גרויסע פראגע, וועגען וועלכער מיר וואלטען געווען דאנקבאר צו הערען פון נאך מיטגלידער פון אונזער ארדען.

מיר ווילען בכלל ציען די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע מיטגלידער אויף דער אפטיילונג „פון ברענטש צו ברענטש". כדי דאס זאל אויף אן אמת קענען אפשפיגלען דעם א. ר. איז נייטיג, אז אונזערע מיטגלידער זאלען צוהעלפען אונזער רעפארטער. און צוהעלפען קענען זיי אים, ווען זיי וועלען לאזען וויסען זייער מיינונג וועגען אלע פראבלעמען אין א. ר., וואס אינטערעסירען זיי. שרייבט וועגען אלגעמיינע א. ר. פראגען, שרייבט וועגען די געשעענישען אין אייער ברענטש. אלץ וואס קען אינטערעסירען א מיטגליד פון א. ר. וועט נעפינען פלאץ אין דער אפטיילונג.

* * *

ביי בר. 100 האט מען זיך געקלאגט אויף דעם וואס די בילס האבען א מענשליכע טבע און האלטען אין איין וואקסען.

עס איז פאהאנדעלט געווארען דער רעפערענדום וועגען שטיצען די „היאס". עס איז א צו גרויסע סומע, האבען די מערסטע מיטגלידער געזאגט; זיי האבען זיך ניט געלאזט פארעדען, אז עס האנדעלט זיך דא וועגען צוויי סענט א וואך פון א מיטגליד. אויב מען זאל אננעמען דעם קוואדערדיגען טעקס, וועט עס זיך האנדלען וועגען א סומע פון דריי ביז פיר הונדערט דאלאר, וואס זייער ברענטש וועט דארפען געבען דאס יאר די „היאס", און דאס, האבען די מערסטע רעדנער אנגעוויזען, איז שוין אביסעל צופיל פאר זיי. זיי וואלטען קיינמאל ניט געגעבען דער „היאס" אזא סומע און די עקזעקוטיווע האט ניט געדארפט דערלאזען צו א צושטאנד, אז מען זאל דארפען געבען אזויפיל געלט. די בילס האלטען אין איין וואקסען. יעדער איינער האט געהאט בלויז גוטע ווערטער פאר דער „היאס", דאס איז פארשטענדליך. אבער די מיינונג פון די מערסטע רעדנער איז געווען, אז אין אזא פאל דארף די עקזעקוטיווע אנפירען קאמפיינס און ניט ארויפצווינגען.

אז עס זיינען געווען א סך מיטגלידער, וואס האבען גערעדט פאר דעם רעפערענדום, איז פארשטענדליך, און געוויס איז אויך באשטימט געווארען פון די מיטגלידער ניט אפצושטיין פון אנדערע ברענטשעס און זען אז די סומע וואס דער א. ר. וועט היי־יאר שטיצען דעם „היאס" זאל זיין וואס באדייטענדער. דאס איז אין דעם פאל ניט וויכטיג. וויכטיג איז בלויז די שטימונג וואס האט געהערשט ביים מיטינג, און די שטימונג איז געווען, אז די עקזעקוטיווע זוכט צופיל גוטע זאכען, וואס זיינען ווערט געשטיצט צו ווערען.

* * *

לעבעדיג און פריילין איז געווען ביים קאווונער בר. 83. דער לאקאל איז געווען איבערגעפאקט. דער גאנצער אווענט איז פארנומען געווען מיט א באריכט פון דער באל קאמיטע און מיט'ן קלייבען פארשידענע קאמיטעס פאר'ן באל. עס האט זיך געטומעלט ווי אין א בינשטאק. דער פריילינער און געשיקטער טשערמאן האט מיט זיינע קלוגע און געשיקטע באמערקונגען גע־האלטען דעם עולם די גאנצע צייט אין א פריילינען צושטאנד. מען איז פריילין, עס איז גוט אויפ'ן הארצען און מען האלט ביים באשטימען, אז דאס געלט, וואס וועט אריינקומען פון פארקויפען די בלומען אויפ'ן באל, זאל אויך גיין פאר דער „האיאס". דאס ווערט פארגעלייגט ניט קוקענדיג וואס מען ווייסט אז באלד וועט מען דארפען פארהאנדלען וועגען דעם „האיאס" רעפערענדום. דאס איז זייער פיין און גוט, אבער וואס צו פארצייכענען האב איך ניט, און עס וועט שוין עמיץ פון בר. 83 דארפען נעמען אויף זיך די מיה און לאזען וויסען, צי די דאזיגע פריילינע שטימונג הערשט שטענדיג אין ברענטש, אדער עס האט געהאט בלויז געהערשט דעם אווענט, ווען עס איז באהאנדעלט געווארען די פראגע פון באל.

* * *

פארשטייט זיך, אז דער האמעלער בר. 20 איז אויך פאר־נומען מיט א באל, וואס דארף אין גיכען פארקומען צוליב דעם צוואנציג־יעריגען יובילעאום פון ברענטש.

דער באנקעט איז באשטימט פאר איבער זיבען הונדערט מענשען. עס וועט זיין מוזיק און מען וועט זיך משמח זיין אויף וואס די וועלט שטיים.

די האמעלער גייען ארום אביסעל שטאלץ צוליב דעם, וואס דער א. ר. האספיטאל וועט זיין אין זייער שטאט און דער בר. האט געזאמעלט דערפאר א פאר הונדערט דאלאר.

פאר די צוואנציג יאר וואס דער ברענטש עקזיסטירט האט ער געשטיצט זיינע מיטגלידער, וואס האבען זיך געפונען אין א געדריקטער לאגע מיט זיבען טויזענט דאלאר, און מיט פינף טויזענט דאלאר האט ער געשטיצט אנדערע ארגאניזאציעס.

* * *

דעם 17־טען סעפטעמבער איז אין וויניפעג געפייערט גע־ווארען דער ערשטער יערליכער יובילעאום פון דער וויניפעג א. ר. שול. דער שול־קאמיטעט האט ארויסגעגעבען א באריכט וועגען דעם יאר טעטיגקייט, און כאטש דער באריכט הייבט זיך אן מיט די געוויינליכע סקארבאווע זאגאכצען, וועגען גאלדענע אותיות, מיט וועלכע עס וועט פארשריבען ווערען אין דער גע־שיכטע פון דער וויניפעגער ארבייטער־באוועגונג דער טאג ווען די שול האט זיך געעפענט, וואס אין מייסטע פאלען איז עס בלויז א צורעק פאר אומטעטיגקייט, איז עס אבער אין דעם פאל ניט ריכטיג: די א. ר. שול אין וויניפעג האט זיך אויף אן אמת מיט וואס איבערצונעמען.

פון דעם באריכט וואס דער א. ר. שול־קאמיטעט האט ארויסגעגעבען ווערען מיר געוואר, אז שוין לאנג האט די וויני־פעגער אידישע ראדיקאלע קאלאניע געטרוימט פון א שול, וואו עס זאל זיך אפשפיגלען דער נייער, פארגעשריטענער פראלע־טארישער גייסט.

בר. 169 האט אויף זיך גענומען די איניציאטיווע און ארויסגעלאזען א רוף פאר א שול, אויף וועלכען עס האבען גע־ענטפערט איינינע טאטעס און מאמעס, און דעם 19־טען סעפ־טעמבער 1921 איז מיט מזל געעפענט געווארען די שול, וואס האט געהאט צוויי לערער און גאנצע 18 שילער.

נאר, ווי עס זעט אויס, האבען די איניציאטארען פון דער וויניפעגער א. ר. שול ניט געמאכט קיין טעות אין רעכענונג.

| | | | |
|---|---|---|---|
| סעפטעמבער | 1921 | — — 18 | קינדער |
| אקטאבער | " | — — 23 | " |
| נאוועמבער | " | — — 28 | " |
| דעצעמבער | " | — — 31 | " |
| יאנואר | 1922 | — — 40 | " |
| פעברואר | " | — — 49 | " |
| מערץ | " | — — 59 | " |
| אפריל | " | — — 78 | " |
| מאי | " | — — 104 | " |
| יוני | " | — — 112 | " |
| יולי | " | — — 150 | " |
| אויגוסט | " | — — 160 | " |
| סעפטעמבער | " | — — 185 | " |

די שול האט זעקס קלאסען, א קינדערגארטען, א שפיל־פלאץ, 4 לערער, א מוזיק־לערער.

די שול האט פאר דעם יאר דורכגעפירט צוויי ערפאלגרייכע פיקניקס, וואס האבען פארשאפט פארגעניגען די קינדער; די קינדער זיינען גענומען געווארען איינינע מאל צו מואוויס, ווען עס זיינען געוויזען געווארען פאסענדע בילדער; עס זיינען אראנזשירט געווארען 4 גרויסע עפענטליכע ארויסטרעטונגען (א חנוכה־אווענט, א דעבס־אווענט, דער ערשטער מאי, די ערעפע־נונג פון שפיל־פלאץ); עס זיינען אויך געווען איינינע היימישע פארוויילונגען מיט די עלטערן פון די שול־קינדער.

# פרויען-קלובען אין אמעריקע

פון רחל האלטמאַן

קיין לאַנד אין דער וועלט פאַרמאָגט ניט אַזאַ גוואַלדיג־גרויסע פרויען־אָרגאַניזאציע ווי די „פעדערייטעד וואומענס קלאַבס", און דאָך הערט מען פון דער אָרגאַניזאציע אזוי ווייניג, אַז עס גלויבט זיך קוים, אַז זי עקזיסטירט אויף דער וועלט. דאַכט זיך אַן אָרגאַניזאַציע ניט קיין קאָנספיראַטיווע חלילה, פאַרמאָגט גאַנצע צוויי מיליאָן מיטגלידער, מיט פאַרשטייער אין יעדער שטאָט און שטעטעל. וואָלט מען דאָך געדאַרפט ערוואַרטען, אַז זי זאָל ווערען איינע פון די באַדייטענדסטע פאַקטאָרען אין פאָליטישען און קולטורעלען לעבען פון לאַנד. ווייזט זיך ארויס, אַז חוץ אירע אייגענע מיטגלידער הערט כמעט קיינער ניט פון איר.

פרעגט זיך טאַקע: ווי אַזוי קומט דאָס, אַז אַלץ זאָל זיין אַזוי שאַ־שטיל און קיינער זאָל ניט הערען פון דעם? איז דער ענטפער, אַז די „פעדערייטעד וואומענס קלאָבס" באַשטייען פון נעזעצטע, סאָלידע מיטגלידער, מייסטענס פרויען שוין ווייט איבער פערציג, וואָס ליבען ניט קיין טומעל און קיין געררויש, וואָס טוען אַלץ איבערלייגט און אויסגערעכענעט, ווי עס פאַסט זיך פאַר דאַמען פון אַזאַ אויסגערעכענטען קלאַס, ווי דאָס קליינבירגערטום.

אין וואָס באַשטייען די הויכע צילען און אויפגאַבען פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע? די פראַגע איז, צי שטעלט זיך איבערהויפט אַ קליינבירגערליכע אָרגאַניזאַציע הויכע צילען און אויפגאַבען.

די קלובען האָבען אַן אַלטע געשיכטע; מאַנכע פון זיי זיינען נאָך געגרינדעט געוואָרען אין דער צייט פון בירגער־קריג. ווי עס מאַכט זיך געוויינליך אין קריגס־צייט, האָט מען פון די פרויען דאַמאָלס געפאָדערט זיי זאָלען אויף זיך נעמען אַ טייל פון דעם יאָך און טראָגען די לאַסטען פון קריג. די פרויען פון דעם אַלטען דור האָבען ערפילט אַלץ וואָס די מלחמה האָט פון זיי פאַרלאַנגט: האָבען גענייט, געשטריקט, אויפגעפאַסט אויף די פאַרוואונדעטע און אַז. וו.

נאָכדעם ווי דער בירגער-קריג איז אריבער האָבען זיך די פרויען־אָרגאַניזאַציעס ניט אויפגעלייזט, נאָר זיינען פאַרבליבען עקזיסטירען און האָבען זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדעלט אין פריידליכע אָרגאַניזאַציעס. זייער אויפגאַבע איז איצט באַשטאַנען אויפצוהייבען דעם קולטורעלען צושטאַנד פון דער פרוי, ווי אויך פאָליטיש גלייכבאַרעכטיגען זי.

די פרוי מיט 25 יאָר צוריק איז ניט געווען אַזוי דרייסט, האָט זיך ניט געפילט אַזוי שטאַרק, ווי די פרוי היינט צו טאָג. ארויסטרעטען אויף פאַרזאַמלונגען, זאָגען אַ וואָרט איז פאַר איז געווען אַ געשעעניש פון גרעסטער זעלטענהייט. מען האָט די פרוי געדאַרפט ערציען. היינט איז שוין דאָס ארויסטרעטען פון פרויען, ברוך השם, ניט קיין זעלטענהייט. דורכדעם, וואָס די פרויען פלעגען זיך צוזאַמענקומען אַלע וואָך, אָדער צוויי מאָל אַ מאָנאַט, דורכלעזען אַ „פייפער", זיך דורכשמועסען וועגען אים, א. אַז. וו., האָבען זיי זיך אויסגעלערנט צו זיין דרייסטער, ארויסטרעטען פאַרטיידיגען זייערע אַ מיינונג, און אויך פירען אַ פאַרזאַמלונג.

דאָס איז אַלזאָ דערגרייכט געוואָרען. וואָס איז שייך צו דערהייבען דעם קולטורעלען מצב פון דער אמעריקאַנער פרוי אין אַלגעמיין, האָבען די פרויען־קלובען זייער ווייניג געטאָן, און עס איז צווייפעלהאַפט צי זיי זיינען אימשטאַנד וואָס צו טאָן. די אמעריקאַנער פרוי פון מיטעל־קלאַס האָט פאַר די לעצטע 25 יאָר דערגרייכט דאָס העכסטע, וואָס זי האָט זיך נאָר געקענט פאָרשטעלען. אמעריקע איז פשוט געוואָרען דער גן־עדן פאַר דעם קליינבירגערטום. דאָס, וועגען וואָס די פרוי פון דעם קלאַס טרוימט — אַ שיינע היים, אַ „פלייער פיאַנאָ", אַ וויקטראָלאַ, אַן אויטאָמאָביל און שיינע קליידער דערצו — זיינען דערגרייכט געוואָרען. און וואָס טוט מען מיט אַזוי פיל פרייע צייט! זיינען געקומען צוהילף די קלובען, וואו מען פאַרברענגט ביי אַ גלעזעל טהיי, אַ טעשעל קאַרטען און אַמאָל לעזען אַ „פייפער" איבער אַ ליטעראַרישער אָדער פאָליטישער פראַגע.

די געערטע דאַמען פאַרנעמען זיך ניט בלויז מיט טעאָריע. זיי טוען אויך פראַקטישע ארבייט. אָט פאַסירט, צום ביישפיל, אַז אַ געוויסע גאַס פון אַ שטעטעל איז ניט שיין גענוג און מען דאַרף זי באַפּוצען. פאַר דעם נעמען זיך שוין די קלוב־דאַמען און מען באַפלאַנצט די גאַס מיט ביימער, זי זאָל ניט באַליידיגען דעם עסטעטישען געשמאַק פון די קלוב־פרויען. אַמאָל נעמען זיי זיך זאָרגען פאַר אַ געוויסען קלאַס פרויען, צ. ב. פאַר די פאַרמערקע, און בויען אויס אַ וואַרטע־צימער פאַר זיי. אין פאַל זיי קומען אין שטאָט אריין איינקויפען סחורה זאָלען זיי געפינען אַ פלאַץ וואו איינצושטיין. זיי זאָרגען אויך אָפטמאָל פאַר דער אַרבייטער־פרוי דערמיט, וואָס זיי פאַסען אויף אויף דעם מילך־פאַרקויף. אַמאָל דינגען זיי אויס ביים מילך־טראָסט אַ סענט ביליגער אויפ'ן פלאַש מילך. אָבוואָל דאָס פאַסירט זעלטען.

אָט אַזוי האָט זיך די טעטיגקייט פון די פרויען־קלובען געצויגען ביז עס האָט אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה. ערשט דאַן האָבען די פרויען זיך אויפגעהערט שפּילען אין אויפקלערונג און פילאַנטראָפּיע און האָבען זיך אַ נעם געטאָן צו קריגס־אַרבייט. דער מאָמענט איז געווען צו ערנסט פאַר'ן קליינבירגערטום, ער זאָל זיינע קלאַסען־אינטערעסען שטעלען אין געפאַר. ער האָט זיך געוואָרפען פאַרטיידיגען זיינע קריגס־אינטערעסען. עס פאַרשטייט זיך, אַז די קליינבירגערליכע פרוי איז ניט אָפּגעשטאַנען און האָט געזוכט מיט וואָס נאָר מעגליך ארויסהעלפען די אמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען אָפּלעקען דעם פעטסטען ביין פונ'ם וועלט־קריג. צוזאַמען מיט די דאַמען פון גרויס־קאַפּיטאַל האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן שטריקען, נייען, צוגרייטען באַנדאַזשען, פאַרקויפען באָנדס און „סטעמפּס" און גיין אויפ'ן שלאַכטפעלד אַלס נוירסעס. אין אַ משך פון 6 וואָכען זיינען די פרויען פון די פאַראייניגטע שטאַטען, פון אטלאַנטיק ביז'ן פּאַסיפיק מאָביליזירט געוואָרען צו טאָן קריגס־אַרבייט און טאַקע אומזיסט, אָן וועלכער עס איז באַלוינונג, אָפּערענדיג אָפּט גרויסע סומען געלט, כדי צו באַפרידיגען דעם אַלץ פאַרצערענדען אָפּגאָט — דעם קריג, וועלכער איז באַשאַפען געוואָרען צוליב זייערע אינטערעסען. עס פלעגט זיין גענוג מיט אַ טעלעגראַמע צו געבען אַ וואונק די פרויען פון דעם אָדער יענעם טייל לאַנד און די קריגס־אַרבייט פלעגט דורכגעפירט ווערען מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט.

דער קריג האָט זיך געענדיגט, און די פרוי האָט פאַר איר אַרבייט געפאָדערט אַ באַלוינונג — גלייכבאַרעכטיגונג. דאָס האָט מען איר באַלד נאָכגעגעבען. און איצט גייט דער רעפּובליקאַנער מאַן צוזאַמען מיט דער פרוי, וועלכע איז, פאַרשטייט זיך, אויך אַ רעפּובליקאַנערין, און דער דעמאָקראַט דער מאַן מיט דער דעמאָקראַטקע דער פרוי צום שטימקאַסטען און אַלץ איז גוט און וואויל, מיטעלמעסיגקייט און פלאַכקייט רעגירט.

געפינען זיך אָבער אַזעלכע, ווי די יונגע אמעריקאַנער שרייבער צ. ב., וואָס ז[illegible]ארק אומצופרידען מיט די איצ־

טיגע אויפטועכצען פון דער אמעריקאנער פרוי. זיי קריטיקירען שטארק די פרויען־קלובען און ווייזען אן, אז דאס איז א נעסט פון אפגעלעבטקייט, אומוויסענהייט און זאמקייט. עס איז גענוג זיך צו דערמאנען דאס נאטור־געטרייע בילד פון סינקלער לואיסעס „מעין סטריט", זיינען פרויען־טיפען דארט און זייער טעטיגקייט אין די קלובען. די גייסטיגע ארעמקייט פון דעם הערשענדען קלאס אין אמעריקא איז דארט אזוי בולט ארויסגעשטעלט, אז פון יעדער שורה, פון יעדען ווארט פון שרייבער קען מען זען ניט נאר די אומצופרידענהייט, נאר זאגאר איראניע וואס גרעניצט זיך מיט כעס.

אן אנדערער פון זיי, דער באקאנטער נאוועליסט פערגעשיימער, שרייבט: „צוליב דעם, וואס די אמעריקאנער פרוי שטייט קולטורעל אזוי נידעריג, פארדארבט זי דעם געזעלשאפטליכען געשמאק אין ליטעראטור און קונסט, ווייל, אייגענטליך, איז די פרוי דא אין לאנד די קולטור־טרעגערין." פארגלייכענדיג די אמעריקאנער פרוי מיט דער אייראפאישער פון דעמזעלבען קלאס, קומט ער צום שלוס, אז די אייראפעאישע טויג זיך אויס ניט אינ'ם ערך בעסער פון דער אמעריקאנערין אין האבען אן איינפלוס אויף דער יוגענט. הגם די אייראפעאישע פרוי איז ניט בעסער אינפארמירט אדער אינטעלעקטועל אנטוויקעלט ווי די אמעריקאנער פרוי, איז זי אבער בכח צו באשאפען אזא געזעלשאפטליכע אטמאספערע, וואס זאל זיין מער אינטערעסאנט פאר דער יוגענט. אויב זי האט עפעס צו זאגען וועגען לעבען, ליבע, רעליגיע, אדער פאליטיק, וועט זי דאס ארויסזאגען אומגעצוואונגען, לייכט און פארשטענדליך. אין דער צייט ווען די אמעריקאנער פרוי וועט שרייבען וועגען אזעלכע פראגען אין א „פייפער" און וועט דאס אמאל א נאכמיטאג, זיצענדיג ביי א גלאז טיי, דורכלעזען אין איר קלוב בלויז פאר פרויען.

די יוגענט בלייבט אויף אזא אופן שטיין אן א זייט, ווערט אפגעריסען פון די גייסטיגע אינטערעסען, מיט וועלכע די פרוי פארנעמט זיך, און ניט ווערענדיג אריינגעצויגען אין די גרויסע וועלט־פראבלעמען געפינט זי א לייכטען וועג צו „מואוויס" אין דעם טאנץ־זאל, וואס דארפען איר געבען גייסטיגע אנטוויקלונג און געזונטע פארוויילונג.

ניט נאר איז דער פרויס איינפלוס אויף דער יוגענט שוואך, נאר איר איינפלוס אויף דעם אלגעמיין קולטורעלען לעבען פון לאנד איז אויך זייער אומבאדייטענד. אפילו אזא שרייבערין ווי מערי אויסטין, וועלכע איז איינע פון זיי, און האט א שייכות צום קלוב־לעבען דא אין לאנד פאר פיל יארען, קען זיך ניט צוריקהאלטען ניט שארף צו קריטיקירען די קלוב־פרוי. מערי אויסטין פארגלייכט דעם אמעריקאנער קולטור־לעבען מיט א פארצייטיגער קאלדרע (קרייזי קווילט), וואס פלעגט צוזאממענגעשטעלט ווערען פון פארשידענע שטיקלאך און בדעקלאך געוואנט, מאנכעסמאל גאנץ רייכע און וואונדערשיינע שטיקלאך, אבער ווי געוויינליך אן א סדר און אן א מוסטער. איר עצה איז, מען זאל קומען צו די קלוב־פרויען און קארעגירען דורך זיי דעם פארמלאזען געזעלשאפטליכען לעבען, ווייל די קלוב־פרויען זיינען נאך איר מיינונג די יעניגע, וואס גיבען דעם טאן אונזער גאנצער געזעלשאפט.

די געערטע שרייבערין האט נאך אן עצה. און דאס איז: מען זאל באשטעלען א פראגראם פון טעטיגקייט ביי די אלע אמעריקאנער שרייבער, וואס באציען זיך קריטיש צו די פרויען־קלובען און וואס זיינען פאראינטערעסירט אין א בעסערער אמעריקאנער קולטור, און אז דאס פראגראם זאל זיין אן אלגעמיינער, איינהייטליכער פאר אלע פרויען־קלובען. דאס נייע פראגראם, דורכגעדרונגען מיט א געוויסען אידעאל און א העכערען גייסט, וועט אנווייזען די פרויען אין וואס פאר א ריכטונג זיי דארפען גיין, כדי צו באשאפען א העכערע אמעריקאנער קולטור.

איצט בלייבט בלויז די פראגע, צי קען א קולטור באשאפען ווערען לויט א „רעדי מייד פראגראם", און צי זיינען די צוויי מיליאן פרויען, ארגאניזירטע אין קלובען, אימשטאנד צו דערהייבען דעם אמעריקאנער קולטורעלען מצב?

אמת, צוויי מיליאן ארגאניזירטע פרויען זיינען א גוואלדיגע מאכט. די פראגע איז בלויז, צו וועלכער געזעלשאפטליכער שיכט אט די פרויען געהערען. מייסטענס זיינען דאס פרויען פון מיטעלקלאס, פרויען וואס האבען שוין דערוואקסענע קינדער (ווייל די יונגע גייען ניט אין די קלובען, עס איז זיי ניט אינטערעסאנט). און אויב אן ארבייטער־פרוי פארבלאנדזשעט אמאל אין אזעלכע קלובען, איז עס בלויז על פי טעות. עס איז קלאר, אז בורזשואזע פרויען, אפילו צוויי מיליאן פון זיי, זיינען בלויז א שווערער באלאסט, ווען עס האנדעלט זיך וועגען אנטייל נעמען אין דער באשאפונג פון א נייער קולטור. ניט זיי זיינען דער מאטעריאל דערפאר, ווייל זיי האבען ניט קיין העכערע אידעאלען ווי זייערע מענער, די קליינבירגער, וואס לעבען מיט'ן היינט און האבען גייסטיגע קולטור טיף, טיף אין דער ארמה.

דער איינציגער וואס קען און וועט מיט דער צייט שאפען א נייע גייסטיגע קולטור, איז דער אמעריקאנער ארבייטער־קלאס, דערזעלבער קלאס, וואס האט שוין באשאפען א רייכע מאטעריעלע קולטור.

ווי האלט עס אבער מיט דעם קלאס, וועמעס מיסיע עס איז צו זאגען עפעס נייעס אין דעם גייסטיגען לעבען פון אמעריקע?

פון די צענדליגע מיליאנען הארעפאשניקעס, וואס געפינען זיך דא אין לאנד, זיינען נאך דערוויי[ל] א גאנץ אומבאדייטענדע צאל ארגאניזירט אפילו פאר דער פארטיידיגונג פון זייערע עקאנאמישע אינטערעסען. וואס איז שייך זייער קולטורעלען לעבען, טאנצען זיי נאך דאס קליינבירגערטום, און נעמען איבער, אויף וויפיל זייערע קעשענעס ערלויבען זיי, אלץ וואס דער קלאס קען זיי געבען אויף דעם געביט פון קולטור. די מיליאנען ארבייטער־פרויען שטייען אין דעם פרט ניט אפ פון די ארבייטער־מענער, זיי זוכען זיך אנטאן ווי „סאסייעטי ליידיס", האלטען זיך פאר דיזעלבע באגריפען פון מאראל ווי זיי, און בוקען זיך צו דיזעלבע געטער. און ווען דער ארבייטער זעט ווייניג־וואס איין די קלאסען־געגענזאצען און זיינע אויפגאבען, זעט די אמעריקאנער ארבייטער־פרוי נאך ווייניגער איין מיט וואס זי אונטערשיידט זיך פון איר שכנ'ס ווייב, דעם קרעמער אדער פאבריקאנט. שווער אלזא איז צו עפענען די אויגען פונ'ם אמעריקאנער ארבייטער און אים אנצייגען אויף די גראנדיעזע ארבייטען, וועלכע שטייען אים פאר. עס איז פיל שווערער צו עפענען די אויגען דעם אמעריקאנער ארבייטער מאן אדער פרוי, ווי דעם אייראפעאישען, שוין צוליב דעם אליין, וואס דער אמעריקאנער האט נאך נים קיין רעוואלוציאנערע טראדיציעס, ווי זיין אייראפעאישער ברודער.

די אידישע ארבייטערשאפט קלייבט זיך אין דער הינזיכט בעסער פאנאנדער אין דער לאגע. זי זעט פון די ערפארונגען נאך פון דער אלטער היים, וואס אירע אויפגאבען זיינען, און די קראפט, וואס ליגט אין ארגאניזירטע כחות. זי האט דארום פיל געטאן אט די כחות צוזאמענצוהאלטען. איינע פון אט אזעלכע געשאפענע אינסטיטוציעס איז דער ארבייטער רינג.

היינט צו טאג פארמאגט דער א. ר. איבער 80 טויזענט מיטגלידער. פון די 80 טויזענט ארגאניזירטע מיטגלידער זיינען אמווייניגסטען פאראן א העלפט וואס זיינען פארהייראט. וואס טוען די פרויען פון אט די מענער, וועלכע באזוכען מיטינגען, נעמען אנטייל אין דעבאטען, גיבען זיך אפ מיט רעליף־ארבייט, ארגאנזירען לעקטשורס און דיסקוסיעס איבער די ברענענדסטע פראגען פון טאג, כדי קלאר צו ווערען אין זיי, און כדי ניט אפצושטיין פון דעם רייכען פולסירענדען לעבען פון איצטיגען מאמענט? די פרויען — זיי זיינען מאמעס. אבער דאס איז נאך ניט גענוג. מען דארף חוץ דעם זיין אויך אנטוויקעלטע מענשען, כדי צו זיין פאלשטענדיגע מאמעס אפילו. שוין אפגערעדט דערפון, אז עס איז וויכטיג צו זיין אן אנטוויקעלטער מענש, כדי צו זיין אויך א גוטע פארשטענדיגע פרוי.

בלויז א קליינע צאל מיטגלידער האבען פארשטאנען די וויכטיגקייט פון ארגאניזירען די פרויען. איצט זיינען שוין

# פאמיליען־בלאט

ד. דאלין:

## ווי אויסצומיידען אומגליקס־פאלען

לעצטען מאנאט איז אין ניו־יארק פארגעקומען א זיכערהייטס־קאמפיין מיט'ן ציל צו פארהיטען מענשליכע לעבענס פון אומגליקספאלען. מענשען, וואס אינטערעסירען זיך מיט דער דאזיגער פראגע באהויפטען, אז 70 מענשען א וואך קענען געראטעוועט ווערען אין ניו־יארק פון אומגליקספאלען, ווען מען זאל זיי לערנען ווי אזוי זיך אויסצוהיטען.

מיר וועלען דא איבערגעבען עטליכע זייער וויכטיגע רעגלען, וואס וועלען צוניץ קומען יעדען לעזער.

גייט קיינמאל ניט אריבער א גאס ניט ארומקוקענדיג זיך פון ביידע זייטען.

גייט ניט אראפ פון א קאר, אן אויטאמאביל אדער א פור, איידער עס שטעלט זיך אפ.

שטעקט קיינמאל ניט ארויס דעם קאפ אדער די הענט דורכ'ן פענסטער אדער דורך אן אנדער עפענונג פון א קאר אדער אן אויטאמאביל.

ווען עס בליצט מיידט אויס ביימער און מעטאל־זאכען.

האלט קיינמאל ניט קיין רעוואלווערען אדער אנדערע וואפען פון אויבען־אויף. האט פאר דעם א ספעציעלען ארט און זייט זיכער, אז קיינער קען צו דעם ניט צוקומען.

גייט האסטיג בעת עס איז קאלט; ווען א וועלכער איז טייל פון קערפער איז אפגעפרוירען, גייט ניט נאענט צום פייער, רייבט עס מיט שניי.

בייט אלעמאל איבער נאסע קליידער אזוי גיך ווי עס איז מעגליך, און באוועגט זיך ביז וואנען איר קריגט די געלעגענהייט איבערצובייטען זיי.

גייט קיינמאל ניט איבער א ריילראוד טרעק.

מאכט קיינמאל ניט קיין פייער מיט קעראסין אדער מיט אנדערע אויפפלאמענדע פליסיגקייטען.

גייט קיינמאל ניט אריין אין א קעלער, אדער שטעלכעל מיט פייער אין האנט, אויב דארט איז דא קעראסין) גאזאלין אדער ענליכעס.

גייט קיינמאל ניט אריין מיט פייער אין האנט אין אן ארט, וואו די געז רינט.

אונטער קיינע באדינגונגען זאלט איר ניט אנרירען אן עלעקטרישען דראט אין גאס.

באמיט זיך צו האבען אין הויז א קליינע אפטייקעל (דראג־סטאר), וואס זאל אנטהאלטען די געוויינליכע דראג־זאכען, וואס זיינען נייטיג אין א הויז. אבער קלייבט אליין ניט אויס די דראג־זאכען, בעראט זיך מיט אייער דאקטאר. יעדער פלעשעל זאל אויף זיך האבען אן אויפשריפט, וואסער דראג אין איר געפינט זיך און ווי מען דארף דעם דראג נעמען.

נעמט קיינמאל ניט קיין מעדיצין איידער איר לייענט איבער דעם „לייבעל" אויפ'ן פלעשעל, כדי איר זאלט זיין זיכער, אז איר נעמט די ריכטיגע זאך.

### דראגס

דער זיכערסטער און בעסטער וועג איז ניט צו נעמען קיין דראגס אן א דאקטאר. הונדערטער טויזענטער מענשען האבען צוגעצויגען כראנישע קראנקהייטען פון נעמען דראגס. מען דארף אויסמיידען די אלע פארשידענע דראגס, וואס ווערען אדווערטייזט פאר קאפ־ווייטאג, הוסטען און דאס גלייכען, ניט אכטענדיג דערויף, וואס מאנכע פון זיי זיינען ניט גיפטיג. אויב איין דראג ווירקט, לאמיר זאגען, צום גוטען אויף איין מענשען, איז דאס נאך ניט קיין באווייז, אז ער וועט האבען דיזעלביגע ווירקונג אויף א צווייטען. און דערפאר דארף מען ניט בארגען קיין פרעסקריפשאנס. דערמיט מיינען מיר פאלגענדעס: אויב א דאקטאר האט געגעבען אייער באקאנטען א מעדיצין, וואס האט אויף אים גוט געווירקט, און אייך דוכט זיך, אז איר ליידט פון דערזעלביגער קראנקהייט, לאמיר זאגען קאפ־שמערצען, אויפ'ן מאגען, און דאס גלייכען, נעמט ניט דיזעלביגע מעדיצין אן דער בעראטונג פון אייער דאקטאר. דער

פאראן איינינגע פרויען־קלובען אדער „עקזילעריס" איבער'ן לאנד, וואס טוען אויסגעצייכענט גוטע ארבייט אויפ'ן געביט פון זעלבסטבילדונג, ווי אויך אויפ'ן געביט פון געגענזייטיגער שטיצע. אבער זיי זיינען א גאנץ קליינע צאל אין פארגלייך מיט די מעגליכקייטען, וואס דער ארבייטער רינג אלס א גאנצער וואלט געקענט געבען די פרויען.

אמת, כדי צו שאפען עפעס נייעס און גרויסעס אויפ'ן געביט פון גייסטיגער קולטור, קען די ארבייט ניט זיין אזוי ערפאלגרייך, ווען די פרוי זאל זיך אויסטיילען אין באזונדערע קלובען. עס איז וויכטיג, אז זי זאל גיין האנט אין האנט מיט דעם מאן דעם ארבייטער; אבער דערווייל, אזוי לאנג ווי די פרוי איז פארטאן מיט איר „אייגענער" שטיקעל ווירטשאפט, אזוי לאנג ווי זי מוז אליין אויפפאסען אויף די קינדער, אליין וואשען, נייען און ריינינגען; אזוי לאנג ווי אויף דער פאראייראטער ארבייטער־פרוי ליגט אזא יאך און זי מוז אוועקגעבען איר גאנצע צייט דערצו, קען זי מיט'ן מאן ניט מיטהאלטען אין אלע זיינע אונטערנעמונגען. עס איז אבער ניט געזאגט, אז זי דארף זיך איינגאנצען פארנאכלעסיגען און דעריבער גארניט טאן אין איצטיגען מאמענט און בלייבען ווארטען ביז וואנען עס וועט קומען די סאציאלע רעוואלוציע און באפרייען די ארבייטער־פרוי פון איר שקלאפעריי. כדי אזא זאך זאל געשען, דארף יעדע פרוי, ניט קוקענדיג ווי שווער עס איז איר זיך ארויסצורייסען פון איר היים און אירע פליכטען, זיך ארגאניזירען ווייניגסטענס אין קלובען, כדי ניט זיין אזוי אפגעריסען פון אלעם און אלץ אין דער וועלט.

אלס ביישפיל קענען אין דעם פרט דינען די בורזשואזע פרויען. זיי זיינען א פארטיגע ארגאניזאציע פון צוויי מיליאן מיטגלידער. דעריבער איז געווען אזוי לייכט זיך צוזאמענצורעדען מיט זיי און דורכצופירען דורך זיי אזוי פיל קריגס־ארבייטען. אמת, די ארבייטער רינג מיטגלידער שטעלען זיך ניט אזעלכע „הויכע" אויפגאבען, ווי צוגרייטען קריגס־זאכען. זיי האבען אנדערע פיל וויכטיגערע אויפגאבען אלס א טייל פונ'ם ארבייטער־קלאס . . . דארום איז עס טאקע אזוי נויטווענדיג, אז די פרוי זאל אנטייל [illegible] אין די אלע ארבייטען, פאר וועלכע דער מאן גיט אוועק זיין צייט און ענערגיע. נאר דאן קען דער ערפאלג זיין א [illegible]טער.

שׂכל איז דאָ אַ גאַנץ איינפאַכער. צוויי מענשען, צום ביישפּיל, טוט וויי דער קאָפּ, ס'הייסט ביידע ליידען פון דער זעלביגער זאַך, אמת, אָבער די אורזאַכען פון זייער קאָפּ־ווייטאָג קענען זיין גאַנץ פאַרשידען, און דערפאַר מוזען זיי האָבען פאַרשידענע מעדיצין. און אַזוי איז אויך מיט אַנדערע קראַנקהייטען.

## זאַכען, וואָס מען דאַרף וויסען

ראָסט־פלעקען פון ווייסע זאַכען, פון ווייס־גודס, קען מען אויסרייניגען מיט זויער־מילך.

* * *

פלעקען פון אייער ווערען גערייניגט אויף פאָלגענדען אופן: לייגט די פאַרפלעקטע זאַך צוערשט אין קאַלט וואַסער און לאָזט עס ווייקען, ביז דער איי־פלעק וועט כמעט פאַרשווינדען, און דערנאָך וואַשט עס, ווי געוויינליך.

* * *

איידער איר וואַשט אייער סוועטער, פאַרשטריגעוועט די באַטאָנען־האַלס, וועלען זיי ניט צעצויגען ווערען פון וואַשען.

* * *

אָט איז אַ מאָס, וואָס קומט אויס זייער צום האַנט פאַר יעדען מענשען: איין טיי־לעפעלע האַלט זעכציג טראָפּענס. דריי־טיי־לעפעלאַך, אָן אַ קעיפּ, האַלטען די זעלביגע מאָס, וואָס איין עסלעפעל האַלט אָן אַ קעיפּ. זעכצען עסלעפעל אָן אַ קעיפּ איז די זעלביגע מאָס, וואָס אַ האַלבער פיינט איז.

* * *

ווען איר פאַרבריט אין טשייניק טיי און איר ווילט עס זאָל גיכער אַנציען, וואַרפט אריין אין טשייניק אַ שטיקעל צוקער. דאָס וועט עפענען די בלעטלאַך און דער טיי וועט גיכער אַנציען.

* * *

דער בעסטער טייל פון דער פּאָטייטאָ ליגט אונטער'ן שאָלעכץ. ביים שיילען אָדער שאָבען פּאָטייטאָס זיינען אָבער מאַנכע אַזוי נאַכלעסיג, אַז זיי שיילען צו טיף און שניידען אַראָפּ צוזאַמען מיט'ן שאָלעכץ אויך דעם בעסטען נאַהאַפטען טייל פון דער פּאָטייטאָ.

דערפאַר איז שוין בעסער צו באַקען פּאָטייטאָס אָדער זיי קאָכען אין „פעלצלאַך", ס'הייסט מיט'ן שאָלעכץ. פון געקאָכטע מיט'ן שאָלעכץ אָדער געבאַקטע פּאָטייטאָס איז זייער לייכט אַראָפּצונעמען די דינע הייטעל און דער טייל, וואָס ליגט אונטער'ן שאָלעכץ, ווערט ניט געריררט. מאַנכע פרויען „סטימען" די פּאָטייטאָס. „סטימען" פּאָטייטאָס דאַרף מען דריי־פערטעל שעה.

* * *

פּיאַנאָס ווערען אָפט קאַליע ווייל זיי ווערען אויסגעטריקענט. עס איז דאַרום ראַטזאַם צו האַלטען ביי דער פּיאַנאָ אַ גרויסע וואַזע מיט אַ פייכטען ספּאָנדזש. דאָס וועט געבען דער פּיאַנאָ די נייטיגע פייכטקייט.

* * *

עס איז שווער צו שניידען פרישע ברויט אפילו מיט אַ גאַנץ שאַרפען מעסער. טונקט איין דאָס מעסער אין קאָכעדיגע וואַסער, וועט איר דעמאָלט קאָנען שניידען גאַנץ דין דאָס פרישע ברויט.

* * *

וואָלט עס אַזוי ניט טרעפען, ווי עס טרעפט, אַז איר זעצט זיך אַוועק אין אַ קאַר, אָדער אין אַ רעסטאָראַן, און איר הייבט זיך אויף פון אייער זיץ מיט אַ שטיק טשואינג־גאַם צוגעקלעפּט צו די הויזען, אָדער צום מאַנטעל. דאָס שטאַמט דערפון, וואָס אומדערצויגענע, אומציוויליזירטע מענשען, נאָכדעם ווי זיי קייען זיך אָן מיט אָט דעם מאכל, טוען זיי עס אַ קלעפּ אָן אַ שטול, אָדער אָן זיץ פון קאַר. עס איז גאַנץ שווער אַראָפּצונעמען אַזאַ שטיקעל טשואינג־גאַם פון אַ קלייד. באַהיט זאָל מען ווערען פון אַזאַ אויסשפּעניש! דער בעסטער מיטעל איז: לאָזט גוט איינגעפרירען דאָס שטיקעל טשואינג־גאַם, דורך באַלייגען דעם אָרט מיט שטיקלאַך אייז. דאַן, ווען דאָס שטיקעל טשואינג־גאַם וועט גוט פאַרהאַרטעוועט ווערען, סקראָבט עס לאַנגזאַם אָפּ מיט אַ מעסער, לאַנגזאַם, כדי ניט צו באַשעדיגען דעם בגד.

* * *

אויב איר ווילט, אַז די פּאָטייטאָס, וואָס איר לייגט אַוועק אָפּבאַקען, זאָלען אַרויסקומען מעליג, שניידט אָפּ פון ביידע עקען צוויי קליינע שטיקלאַך, איידער איר לייגט די פּאָטייטאָס אַריין אין אויווען.

* * *

באַגילדעטע ראַמען קען מען אָפּפרישען אויף אַזאַ אופן: ווישט אָפּ די שטויב מיט אַ ווייכע זאַך און דאַן רייבט זיי מיט אַ שטיקעל ברויט. רייבט זיי גאַנץ לייכט, כדי די גאָלד זאָל ניט אַראָפּקריכען.

* * *

באַשיט די קאָפּע מיט אַ ביסעלע זאַלץ, איידער איר גיסט אַרויף דאָס געקאָכטע וואַסער, און דער אַראָמאַט וועט דאַן זיין פיל, פיל בעסער. איידער איר מאַכט די קאָפּע, וואַרעמט אָן די קענדעל, אין וועלכער איר מאַכט די קאָפּע.

* * *

אויב פלאַנעל איז עפּעס פאַרסמאַליעט, עפּעס צוגעברענט, קען מען די פלעקען אַרויסנעמען אויף פאָלגענדען אופן: שניידט איבער אַ ציבעלע איבער העלפט, רייבט דעם צוגעסמאַליעטען אָרט אַרויף און אַראָפּ, האַלטענדיג די פלאַנעל גאַנץ גלייך, און די צייכענס וועלען ביסלעכווייז פאַרשווינדען; דאַן וואַשט עס אין לעבליכע וואַסער, אום דער גערוך זאָל פאַרשווינדען.

* * *

עס ווערט אָפּגעשאַצט, אַז אויף דער וועלט זיינען דאָ 3424 שפּראַכען אָדער דיאַלעקטען. אַרום 1600 ווערען גערעדט אין אַמעריקע; אַרום 940 — אין אַזיע; אַרום 600 — אין אייראָפּע, און אַרום 275 — אין אַפריקע.

* * *

לויט דעם צענזוס פון יאָר 1920, באַשטייט די אַמעריקאַנישע באַפעלקערונג פון הונדערט פינף מיליאָן, זיבען הונדערט צען טויזענט, זעקס הונדערט מיט צוואַנציג נפשות. אין 1820 איז די אַמעריקאַנישע באַפעלקערונג באַשטאַנען בלויז פון עפּעס מער ווי 9 און אַ האַלב מיליאָן נפשות.

* * *

לויט די לעצטע ידיעות, געפינען זיך היינט אין לאָנדאָן צוויי הונדערט טויזענט אידען. 40 טויזענט פון זיי זיינען אַרבייטער.

* * *

דאָס שאַך־שפּיל איז איינס פון די עלטסטע, און וואַרשיינליך דאָס סאַמע וויסענשאַפטליכע שפּיל, וואָס איז באַוואוסט. די אָפּשטאַמונג פון שאַך־שפּיל איז מיסטעריעז. דאָס שפּיל ווערט דערמאָנט אין דער אָריענטאַלישער ליטעראַטור מיט צוויי טויזענט יאָר פאַר קריסטוסעס געבורט. צום ערשטען האָט מען געשפּילט שאַך אין אינדיע, פּערסיע און אַראַביע, דערנאָך אין שפּאַניע און מערב־אייראָפּע. מען זאָגט, אַז דאָס שפּיל איז אויסגעטראַכט געוואָרען מיט'ן צוועק צו לערנען די קונסט פון מלחמה.

* * *

ברוק פאַרם איז אַ באַרימטע סאָציאַליסטישע קהילה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון דזשאָרדזש ריפּלי און אַנדערע אין יאָר 1841 און געפינט זיך נאָענט פון וועסט ראָקסבורי, מאַסאַטשוזעטס. די עסטייט באַשטייט פון צוויי הונדערט אַקער לאַנד, און אַ קאָמפּאַניע פון געבילדעטע מענער און פרויען האָבען זיך דאָרט באַזעצט כדי צו פירען אַ סאָציאַליסטישען אָרט לעבען, וואו איטליכער זאָל טאָן אַ געוויסע נייטיגע אַרבייט. דער עקספּערימענט איז דורכגעפאַלען אין יאָר 1846. צווישען די פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט דער דאָזיגער באַוועגונג, זיינען געווען דזשאָרדזש ריפּלי, טשאַרלז דיינע, ראַלף

וואַלדאָ עמערסאָן, נייטהעניעל האָטהאָרן, דזשאָרדזש וויליאם קוירטיס, טעאָדאָר פאַרקער, מאַרגאַרעט פולער און דר. טשיינינג.

* * *

דער סועץ קאַנאַל, וואָס פאַראייניגט דעם מיטעללענדישען ים־מיט'ן רויטען אָדער שווארצען ים, איז 103 מייל לאַנג, 35 פוס טיף און 108 פוס ברייט. ער האָט געקאָסט 127 מיליאָן דאָלאַר. געבויט האָט איהם דער בארימטער פראַנצויזישער אינזשעניר לעסעפס. די ארבייט האָט זיך אָנגעהויבען אין 1859 און זיך געענדיגט אין 1869. אָט דער קאַנאַל פארקירצט דאָפעלט דעם וועג פון איירָאָפּע קיין אזיע. דער קאַנאַל באַלאַנגט צו אַ קאָמפּאַניע. דעם גרעסטען טייל אַקציעס האָט אָפּגעקויפט די ענגלישע רעגירונג.

* * *

אַלאַסקא איז די איינציגע טעריטאָריע פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די האַווייען אינזלען, פּאָרטאָ־ריקא און די פיליפּינישע אינזלען ווערען אָנגערופען „פּאָסעשאָנס". אַלאַסקא פאַרנעמט אַ שטח פון איבער 590 טויזענט סקווער מייל מיט אַ באַפעלקערונג פון ארום 65,000. דער קלימאַט איז דאָרט אַ גאַנץ קאַלטער.

* * *

יאַפּאַנעזישע סאָלדאַטען זיינען פאַרגרעסערט געוואָרען אויף צוויי אינטשעס אין דורכשניטליכער הויך זינט עס איז צוגעגעבען געוואָרען פלייש צו זייער רייז־דיעטע.

* * *

אום לאַנג אויפצוהאַלטען בלומען, דאַרף מען אין'ם וואַסער, וואו מען האַלט זיי, אריינטישען אַ לעפעלע צעריבענע האָלץ־קוילען, „טשאַרקאָל", אָדער צעפּירען אין דעם וואַסער אַ קליין שטיקעל קאַמפאָר. דערמיט וועט איר אויך פאַרשפּאָרען צו בייטען דאָס וואַסער.

# באַריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דאָנערשטאַג אָוענט, דעם 12־טען סעפּטעמבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

עס ווערען געמאַכט פאָלגענדע קאָרעקשאָנס צום פּראָטאָקאָל פון 1־טען אויגוסט:

1) אין דעם רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע דאַרף זיך לעזען, אַז ס'איז צוריקגעוויזען געוואָרען די בענעפיט פון אַ מיטגליד פון בר. 514 אנשטאָט פון בר. 114.

2) וועגען מעדיקאַל דעפּאַרטמענט איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די טשערלייט פון די דעפּאַרטמענט קאָמיטעס צוזאַמען מיט דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע זאָלען האָבען אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג מיט דער עקזעקוטיוו פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט.

3) דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע דאַרף זיך לעזען. אַז אַ קלאַגע געגען פר. קרינסקי איז אַריינגעבראַכט געוואָרען פון אַ מיטגליד פון בר. 231 און ניט פון אַ מיטגליד פון בר. 745. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען איהם צו טאַדלען פאַר זיין אומטאַקטישער האַנדלונג.

4) אין די צושריפטען דאַרף זיך לעזען, אַז פר. לאַטקער איז אַ מיטגליד פון בר. 352 און ניט פון בר. 253.

---

ס'ווערט באַשלאָסען ניט צו געבען די אַדרעסען פון אונזערע ברענטשעס איידער די נאַציאָנאַלע באַאַמטע זעען דעם צושריפט וואָס דער אָדער יענער ברענטש וויל אַרויסשיקען.

## צושריפטען

פון בר. 149, — לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי זייער 15־יעריליכען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען זונטאַג דעם 8־טען אָקטאָבער. באַשלאָסען אָנגעמען די איינלאַדונג און ערוויילען אַ פאַרטרעטער ביים קומענדען מאָנאַטליכען מיטינג.

פון דער אויסלענדישער דעלעגאַציע פון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער־בונד אין רוסלאַנד, — זיי שרייבען פאָלגענדעס:

„ווערטע גענאָסען:

מיט דעם טיפסטען געפיל פון מאָראַלישער באַליידיגונג האָבען מיר זיך דערוואוסט פון די צייטונגען, אַז די לעצטע קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אין וועלכען זי פאָדערט די אנערקענונג פון סאָוויעט־רוסלאַנד און פאַרלאַנגט פון דער סאָוויעט־רעגירונג, אַז זי זאָל אויפהערען מיט דעם טעראָר געגען די סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד. פאַר די דאָזיגע צוויי פאָדערונגען קעמפט אויך אונזער פּאַרטיי די גאַנצע צייט, און דעריבער פרייט עס אונז זייער צו הערען, אַז אַזאַ מעכטיגע און איינפלוסרייכע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע, ווי דער אַ. ר., איז מיט אונז אין דעם דאָזיגען פּרט סאָלידאַריש.

אָביער פון די ביידע פאָדערונגען איז אין דער לעצטער צייט די צווייטע געוואָרען פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע און פאַר דעם רוסישען מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער־קלאַס פיל וויכטיגער איידער די ערשטע.

פריער, ווען די אויסלענדישע מלוכות האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט פּלענער וועגען באַוואָפענטער אינטערווענציע אין סאָוויעט־רוסלאַנד און האָבען אָפען אונטערשטיצט די צאַרישע גענעראַלען און זייער מלחמה געגען דער גאַנצער רוסישער רעוואָלוציע, איז די פראַגע וועגען אנערקענונג פון רוסלאַנד געווען אַ לעבענס־פראַגע פאַר דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד אָן אונטערשייד פון ריכטונג און פּאַרטיי, און ספּעציעל אונזער פּאַרטיי האָט געטאָן אין דעם פּרט אַלץ, וואָס ס'אי נאָר געווען אין אירע כחות.

איצט אָבער, בשעת די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען פון גאַנץ איירָאָפּע האָבען שוין פאַקטיש אנערקענט די סאָוויעט־רעגירונג, ווען די באָלשעוויסטישע פאַרטרעטער ווערען אויפגענומען אַלס גוטע פריינט ביי איירָאָפּעאישע קעניגען און קאַרדינאַלען, און די גאַנצע פּאָליטישע פּאָליציי פון איירָאָפּע איז באַשעפטיגט מיט שיצען די זיכערקייט און רוה פון די באָלשעוויסטישע דעלעגאַטען אין די בעסטע האָטעלען פון איירָאָפּע — איצט פאַרלירט שוין די דאָזיגע פראַגע איהר פריערדיגע באַדייטונג. אויפ'ן ערשטען אָרט טרעט אַרויס די צווייטע פראַגע: די באַציאונג צו די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און די סאָציאַליסטען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס איז איצט די צ ע נ ט ר אַ ל ע פראַגע סיי פאַר דער עקזיסטענץ פון דער רוסישער רעוואָלוציע, סיי פאַר דער צוקונפט פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט.

אָן איינגקייט צווישען אַלע סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד קאָן מען ניט ראַטעווען אַפילו יענע רעשטען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע זיינען נאָך געבליבען, און רוסלאַנד וועט ווערען אַ שקלאַף פון דעם אויסלענדישען קאַפּיטאַליזם און זיינע דינער, וועלכע ער וועט דינגען צווישען די איצטיגע הערשער אין רוסלאַנד. אָן פרייהייט פאַר אַלע אַרבייטער־ריכטונגען אין רוסלאַנד איז ניט מעגליך אויך יענער אינטערנאַציאָנאַלער פאַראייניגטער פּראָלעטאַרישער פראָנט, נאָך וועלכען עס לעכצען די אַרבייטער־מאַסען אין דער גאַנצער וועלט.

אָבער די דאָזיגע פרייהייט עקזיסטירט ניט אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אויב דער רוסישער אַרבייטער־קלאַס (און ניט יאָר די קאָמוניסטישע גרופּעס) וואָלט אין סאָוויעט־רוסלאַנד געהאַט כאָטש אַ צענטהלק פון יענע רעכט, וואָס עס האָט דער פּראָלעטאַריאַט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָלטען מיר זיך שעצען גליקליך. אנשטאָט דעם האָבען מיר אויסצושטיין אַזעלכע פאַרפאָלגונגען און אַזאַ אַבסאָלוטע ניט־פרייהייט, וואָס מיר טרעפען אָן, אַ חוץ סאָוויעט־רוסלאַנד, נאָר אין דעם ווייסען אונגאַרן אונטער דער בלוטיגער דיקטאַטור פון האָרטי. אויב אייער אומפּאָליטישער אַרבייטער רינג, אַזוי ווי ער איז איצט אין אַמעריקע, וואָלטען זיך גרינדען היינט אין רוסלאַנד, וואָלט ער אַפילו קיין איינציגען טאָג ניט געקאָנט עקזיסטירען און וואָלט גלייך צעשמעטערט געוואָרען פון דער „משעקא".

אַרבייטער און סאָציאַליסטען, פּאָליטיקער און טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע האָבען די דרייסטקייט אַרויסצוזאָגען מיינונגען, מיט וועלכע די קאָמוניסטען זיינען ניט איינשטימיג, ווערען אַרעסטירט און אָן אַן אויספאָרשונג אין געריכט ווערען זיי חדשים און יאָרען־לאַנג געהאַלטען אין די טורמעס אין גרויזאַמסטע באַדינגונגען און ווערען פאַרשיקט אין ווייטע געגענטען, וואו זיי און זייערע פאַמיליעס מוזען שטאַרבען פון הונגער און קראַנקהייטען. אַ רייע פון אונזערע בעסטע גענאָסען רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען זיינען שוין אויף אַזאַ אופן אומגעקומען פון ניט־דערעסען און טיפוס.

און יעדער טאָג [illegible] נייע קרבנות. גאָר אין דער לעצטער צייט זיינען עטליכע [illegible] פון די בעסטע און עלטסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטען און בונ[illegible]ישע אַרבייטער און טוער אין דרום־רוסלאַנד אין מאָסקווע ווידער [illegible] און פאַרשיקט געוואָרען. מיר קאָנען אין דעם בריף אונז[illegible] פאַרנעמען קיין אָרט מיט נעמען און געגנויע דאַטען. אָבע[illegible]זיר ווילט, קאָנען מיר אייך ברענגען גאַנצע בערג אָפיציעל[illegible], בריף און שריפטליכע באַווייזען

וועגען די פאַרברעכענס, וואָס די סאָוויעט־פּאָליציי באַגייט געגען אונזערע גענאָסען אין רוסלאַנד.

גענאָסען! מיט אייער באַשלוס האָט איר פּראָטעסטירט קעגען די פאַרפאָלגונגען פון אַרבייטער און סאָציאַליסטען אין רוסלאַנד און איר האָט דערמיט געגעבען אַ מאָראַלישע אונטערשטיצונג, וועלכע מיר וועלען קיינמאָל ניט פאַרגעסען. אָבער איר מוזט גיין נאָך אַ טריט ווייטער, איר מוזט געבען אונזערע אַרעסטירטע, פאַרשיקטע און הונגערענדע פרויען און קינדער מאַטעריעלע אונטערשטיצונג!

די בונדיסטען אין רוסלאַנד ערוואַרטען פון דעם אַרבייטער רינג, אין וועמעס רייען עס שטייען אַזוי פיל פון אונזערע אַלטע פריינט און קאַמפּס־גענאָסען, אַז ער וועט זיך ניט אָפּזאָגען צו דערפילען זיין רעוואָלוציאָנערען און סאָציאַליסטישען חוב — אונטערשטיצען די אומגליקליכע קרבנות פון דער פאַרברעכערישער פּאָליטיק, וואָס רואינירט דאָס לאַנד, די רעוואָלוציע און גראָבט אונטער די צוקונפט פון סאָציאַליזם אין דער אַלטער היים — אין רוסלאַנד.

מיט סאָציאַליסטישען גרוס,
די אויסלענדישע דעלעגאַציע
פונ'ם אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער־בונד אין רוסלאַנד.
ר. אַבראַמאָוויטש, ר. רובין־אייזענשטאַט.

פר. בורגין שטימט געגען דעם, אַז דער צושריפט זאָל אַריין אין אונזערע מינוט.

פון עקס־פּוישענטס היים אין דענווער, — זיי באַדאַנקען פאַר די $500, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאַן.

פון דער אַלגעמיינער דעפענס קאָמיטע אין שיקאַגאָ, — זיי בעטען צו נעמען זיי אין אַכט ווען עס וועט אייגעטיילט ווערען די $1000, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאַן פאַר אַמנעסטיע און דעפענס אָרגאַניזאַציעס.

פון בר. 232, — זיי פאָדערען אויף אין אַ רעזאָלוציע, אַז די עקזעקוטיוו זאָל נעמען אַ שטעלונג אין באַצוג דער רוסיש־אַמעריקאַנער קאָרפּאָריישאָן, אָרגאַניזירט פון דער אַמאַלגאַמייטעד קלאָטהינג וואָירקערס. עס ווערט באַשלאָסען זיי ענטפערען, אַז די פראַגע שטייט ביי אונז אויפ'ן טאָג־אָרדענונג און מיר וועלען וועגען דעם האַנדלען.

פון דער שיקאַגאָ דיסטריקט קאָמיטע, — זיי רעקאָמענדירען, אַז קאָנפערענצען וועגען שטיצען די „האַיאַס" זאָלען גערופען ווערען אויך אין די גרעסערע שטעט, פונקט ווי ס'איז געטאָן געוואָרען אין ניו־יאָרק. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

פון לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, — זיי באַדאַנקען פאַר דעם וואַרימען אינטערעס, וואָס דער אַ. ר. נעמט אין דער וואוילזיין פון זייער אַנשטאַלט. באַשלאָסען דעם צושריפט צו פיילען.

פון בר. 90, — זיי פּראָטעסטירען געגען דער אויפלייזונג פון דער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע און געגען דעם וואָס מאַנכע מיטגלידער ווערען טראַנספּערירט אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

פון בר. 295, — זיי דריקען אויס אַ פּראָטעסט געגען די מעטאָדען פון די „לינקע", דורך וועמעס אַרבייט עס ווערט געשטערט די טעטיגקייט און דער וואוקס פון אַ. ר. זיי רופען די מיטגלידער ניט צו לאָזען זיך פאַרפירען פון אַזעלכע פראַזען, פאָדערען אויף די מיטגלידערשאַפט צו שטיצען די נאַצ. עקזעקוטיוו אין איר אַרבייט.

פון בר. 432, — שיקען צו אַ רעזאָלוציע, אַז זיי האָבען באַשלאָסען צו שטיצען די אַרבייט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג פון אַרבייטער רינג.

פון בקור חולים, קאָנוואַלעסענט האָום פון מט. ווערנאָן, — שיקען צו אַ דאַנקס־בריף פאַר די $150, וואָס איז צו זיי געשיקט געוואָרען אַלס ביישטייערונג פאַר זייער אַנשטאַלט.

## קאָמיטע

פון אַ. ר. ברענטש קאָנפערענץ וועגען דער אַמאַלגאַמייטעד רוסיש־אַמעריקאַנער קאָרפּאָריישאָן, — זיי פאַרלאַנגען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל העלפען די ברענטשעס אין דער אונטערנעמונג. דער טשערמאַן ערקלערט דער קאָמיטע, אַז די פראַגע שטייט ביי אונז אויפ'ן טאָג־אָרדענונג.

## באַריכטען

פר. ראָבערטס באַריכטעט, אַז פר. פיין, גוסקין און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער ניו־יאָרקער קאָנפערענץ, וואָס איז גערופען געוואָרען וועגען דעם „האַיאַס". ביי דער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטען 186 דעלעגאַטען פון 110 ברענטשעס. פר. גוסקין האָט ערעפענט די קאָנפערענץ און אָנגעצייגט די וויכטיגקייט פון דער אַרבייט פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, און האָט אויך ערקלערט, אַז דער אַ. ר. איז געווען די ערשטע אידישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, וועלכע האָט געשטיצט מיט אַ באַדייטענדער סומע אָט די אינסטיטוציע; אַז איצט, ווען די „האַיאַס" געפינט זיך אין אַזאַ געדריקטען צושטאַנד, דאַרפען די מיטגלידער פון אַ. ר. ביישטייערען זייער חלק צו דעם, אַז דער „האַיאַס" זאָל ווייטער קענען אָנגיין מיט זיין גרויסער און ניצליכער אַרבייט. די קאָנפערענץ האָט איינשטימיג באַשלאָסען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל אַרויסשיקען צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג די פראַגע וועגען שטיצען דעם „האַיאַס" מיט 15 סענט אָדער 25 סענט פער מיטגליד פער קוואַרטאַל אין פאַרלויף פון 4 קוואַרטאַלען. די קאָנפערענץ האָט זיך איינשטימיג אַרויסגעזאָגט פאַר 25 סענט פער מיטגליד פער קוואַרטאַל. רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען פון דזשאַן ל. בערנשטיין, ס. מייזעל, און מייערסאָן, פאַרטרעטער פון "האַיאַס". דער באַריכט ווערט גוטגעהייסען. עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע די פראַגע וועגען אַרויסשיקען אָט דעם רעפערענדום.

פר. גוסקין באַריכטעט, אַז פר. ראָבערטס און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דעם באַנקעט וואָס איז געגעבען געוואָרען פאַר ב. שלעזינגער, פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, פאַר זיין אָפּפאָרען אין איראָפּע. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

פר. באַסקין באַריכטעט פון דער פּיפּעלס רעליף קאָנווענשאַן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 3־טען און 4־טען סעפּטעמבער אין פילאַדעלפיע. ער ערקלערט, אַז ביי דער קאָנווענשאַן האָט דער אַ. ר. געקראָגען די אַנערקענונג, וועלכע ער האָט פאַרדינט אויפ'ן געביט פון רעליף־אַרבייט. פיל דעלעגאַטען האָבען אָנגעדייטעט, אַז דער אַ. ר. איז געווען און איז איצט דער רוקען־ביין פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע. ער ערקלערט, אַז די פראַגע וועגען דער באַציאונג פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע צו דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע און צו דעם „אידגעזקאָם" איז אַלזייטיג דיסקוטירט געוואָרען. די קאָנווענשאַן האָט באַשלאָסען צו בלייבען מיט דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע, ווייל ס'איז קלאָר, אַז אַרבייטענדיג צוזאַמען מיט דער „דזשאָינט", קען די פּיפּעלס רעליף קאָמיטע פיל געווינען. די קאָנווענשאַן האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו באַנייען דעם געצייג־קאַמפּיין פאַר רוסלאַנד און אָנפירען די אַרבייט אומאָפּהענגיג פון דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע. אַ רעזאָלוציע איז אויך אָנגענומען געוואָרען צו שטיצען דעם „אָרט". ער גיט צו, אַז די אַ. ר. דעלעגאַציע צו דער קאָנווענשאַן האָט געאַרבייט האַרמאָניש און האָט אין געוויסע פראַגען געהאַט באַראַטונגען צווישען זיך. ער (באַסקין) איז געוויילט געוואָרען פאַר טרעזשורער פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט דער באַריכט פון פר. באַסקין און די האַנדלונג פון דער דעלעגאַציע גוטגעהייסען.

פר. בערמאַן באַריכטעט, אַז פר. ראָבערטס און ער זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דעם 20־יעריגען יובילעאום פון בר. 43, זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו און באַדאַנקט פאַר דעם „ראַדיאָ־פאָן", וואָס זיי האָבען באַוויליגט פאַר'ן סאַניטאַריום. באַריכט ווערט גוטגעהייסען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, ערקלערט, אַז די אומשטענדען פאַר דעם מיטגלידערשאַפט קאַמפּיין זיינען זייער אומגינסטיגע, די שלעכטע צייט שפּיגעלט זיך אָפּ אין די באַריכטען, וואָס דער דזשענעראַל אָפיס קריגט פון די ברענטשעס. דערצו האָט דער פאַרשאַרפטער קאַמף צווישען „רעכטע" און „לינקע" געווירקט, אַז אין מאַנכע ברענטשעס זאָלען פיל מיטגלידער אין גאַנצען בלייבען גלייכגילטיג צו יעדער סאָרט אַקטיוויטעט.

ער שלאָגט פאָר, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל ערקלערען אַ מאַניפעסט, אַז מיטגלידער, וועלכע זיינען געשטראָכען געוואָרען אין פאַרלויף פון לעצטען יאָר, זאָלען קענען צוריק אַריינגענומען ווערען ניט צאָלענדיג זייערע חובות, אויב זיי זיינען אַזעלכע געבליבען שולדיג.

פר. באַסקין גיט אויך איבער די אויסגאַבען פון די פאַרשידענע פאָנדס אין פאַרלויף פון לעצטען מאָנאַט.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די פראַגע וועגען מאַניפעסט אין באַצוג צו שענקען די חובות פון די געשטראָכענע מיטגלידער זאָל איבערגעגעבען ווערען צו דער אָפיס קאָמיטע. סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע

פר. פיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, ערקלערט, אַז זיי האָבען באַשלאָסען, אַז דער „פריינד" זאָל אַרויסגיין פּינקטליך יעדען מאָנאַט און די אויטאָגראַפיע זאָל אויסגעבעסערט ווערען. די קאָמיטע האָט באַשטימט אָנצונעמען מיטלען, אַז דער „פריינד" זאָל געמאַכט ווערען רייכער אין אינהאַלט, אַזוי אַז ער זאָל ווערען אַ באַדייטענדער זשורנאַל אין דער וועלט פון דער אידישער פּרעסע.

די קאָמיטע האָט אויפגענומען די פראַגע וועגען גרינדען ענגלישע שולען. עס צייגט זיך אָבער אַרויס, אַז ס'איז בכלל ניט געווען קיין אָנפראַגע פאַר אַזעלכע שולען.

די קליוולאַנד שול־פאַרוואַלטונג האַלט אין קריגען אַ הויז אויף רענט פאַר אַ לאַנגען טערמין. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַוויליגט $800 פאַר דעם צוועק פון דעם שול־פאָנד, אויב די דאָרטיגע שול־קאָמיטע וועט אַליין שאַפען $700.

די קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען פּראָפעסאָר חפץ, אַז ער זאָל אָפּשטעלען זיין אַרבייט אויף דעם צווייטען טייל פון זיין בוך איבער פּאָגראָמען, און אויך אים אָנגעפרעגט, וויפיל ער פאַרלאַנגט פאַר זיין אַרבייט אויב ער וויל דעם בוך פאַרקויפען צו אַ צווייטען פאַרלעגער.

ער האָט געענטפערט, אַז ער איז שוין פאַרטיג מיט זיין אַרבייט, אַז ער האָט צוגעגרייט אַרום 500 זייטען און ער פאַרלאַנגט $1400. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו ברענגען די פראַגע צו דער נאַצ. עקזעקוטיווו.

פר. פיין גיט איבער, אַז זיי האָבען אויסגעאַרבייט פאָלגענדע ליסט פון לעקטשורערס פאַר'ן נעקסטען סעזאָן:

יהואש, וולאַדעק, שיפּלאַקאָף, דר. מעריסאָן, פּראָפעסאָר דאָליצקי, סאול ראַסקין, גודעלמאַן, דר. זשיטלאָווסקי, יצחק אייזיק הורוויטש, מעדעם, מאַרמאָר, לאַנג, ראָגאָף, מאַקס פיין בורגין, אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, האָלטמאַן, זאַקס, טערעזא מאַלקיעל, דר. טענענבוים, יעקב לעווין, י. אַדלער (ב. קאָוונער), אב קאַהאַן, לואיס וואָלדמאַן, דר. באַדאַנעס, צביון.

פר. ביילין גיט צו צום רעפּאָרט, אַז ס'איז באַשטימט געוואָרען, אַז אנשטאָט אַ קאָלעגיום זאָל זיין איין רעדאַקטאָר פון „קינדערלאַנד". פר. שטיינבוים איז ערוויילט געוואָרען אַלס רעדאַקטאָר. אַ סאַב־קאָמיטע איז אויסגעקליבען געוואָרען אויסצואַרבייטען אַ פּראָגראַם פאַר דעם „קינדערלאַנד".

די קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז די קורסען פון סעמינאַר זאָלען אויסגעאַרבייט ווערען אי פאַר די לערער, אי פאַר די טוער פון דער באַוועגונג. די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, אַזוי גוט ווי די פאַרוואַלטונג פון לערער־סעמינאַר, האָבען איינגעזען, אַז מ'קען אָט די קורסען אַוועקשטעלען אויף אַ סך אַ ברייטערען מאַסשטאַב, אַזוי אַז די טוער פון אונזער באַוועגונג זאָלען זיך מיט זיי קענען באַנוצען.

---

עס ווערען געשטעלט פראַגען צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע וועגען „פריינד". עס ווערט אָנגעדייטעט, אַז עס וואָלט פיליינט געווען ראַטזאַם אָפּצושאַפען דעם „קינדערלאַנד" און איינפירען אין „פריינד" אַן אָפּטיילונג פאַר קינדער.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די ביכער, וואָס מיר פאַרקויפען צו די ברענטשעס, פון אַנדערע פאַרלאַגען, זאָלען אויסגעשריבען ווערען דאַמאָלס ווען מיר קריגען אַזאַ אָרדער.

עס ווערט באַשלאָסען באַאויפטראַגען די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע אויסצוצאָלען פּראָפעסאָר חפין פאַר זיין מאַנוסקריפּט.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע זאָל אויסאַרבייטען אַ גענויעם פּלאַן וועגען „פריינד" און „קינדערלאַנד" און די עקזעקוטיווו זאָל האַנדלען וועגען דעם ביי אַ ספּעציעלען מיטינג. די איבעריגע פּונקטען פון דעם רעפּאָרט ווערען דאַן גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט וועגען סאַניטאַריום

פר. גוסקין גיט איבער, אַז אין דער צייט פון דער פּיפּעלס רעליף קאָנוועגשאָן איז פר. אַשפּיז אַהין אָנגעקומען און איבערגעגעבען וועגען דעם סכסוך וואָס קומט פאָר אין סאַניטאַריום. אַזוי ווי אַ גרויסע טייל מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעקוטיווו זיינען געווען פאַרטראָטען ביי דער קאָנווענשאָן פון דער פּיפּעלס רעליף, איז דאַמאָלס באַשלאָסען געוואָרען, אַז די גאַנצע סאַניטאַריום קאָמיטע, צוזאַמען מיט פר. וויינבערג, דייווידאָף, באַנין, יאָנאַס און באַסקין זאָלען פאָרען אין סאַניטאַריום און זען דעם סכסוך צו שליכטען.

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער סאַנ. קאָמ., ערקלערט, אַז ביי אַ פריערדיגען מיטינג פון דער סאַניטאַריום קאָמ. איז ער ערוויילט געוואָרען צו פאָרען אין סאַניטאַריום. איידער ער איז אַרויסגעפאָרען פון ניו־יאָרק, האָט מען אים איבערגעגעבען פון אָפיס, אַז עס איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון די פּאַציענטען, אַז אימיצער זאָל גלייך קומען צופאָרען. אַזוי ווי קיין נעמען זיינען ניט געווען גע'חתמ'עט אויף דער טעלעגראַמע, האָט ער באַשטימט צו פאָרען אין דער געוויינליכער צייט קיין ליבערטי. קומענדיג אַהין, שבת דעם 2־טען סעפּטעמבער, האָט מען אים איבערגעגעבען, אַז דער נייער אָנגעשטעלטער וויטער גייט ניט אַרבייטען, ווייל פּאַציענט ליטוואַקאָוו האָט אים ניט געהייסען. ליטוואַקאָוו האָט דאָס צוגעגעבען, נאָר ער האָט געזאָגט, אַז דער וויטער האָט ביי אים געפרעגט, האָט ער אים געענטפערט. פר. אַשפּיז האָט דאַן געהייסען, אַז ליטוואַקאָוו זאָל אַרונטערקומען אין אָפיס, אום זיך דורכצורעדען וועגען דער פראַגע. אַנשטאָט דעם, האָט מען אים (אַשפּיז) גערופען צו אַ מיטינג מיט די פּאַציענטען. ווען ער האָט געפרעגט, וואָרום ליטוואַקאָוו איז ניט אַרונטערגעקומען און וואָרום מען האָט גערופען אַ מיטינג, האָט מען אים געענטפערט, אַז ביים מיטינג וועט שוין אַלין פאַרהאַנדעלט ווערען. וויסענדיג דעם סענטימענט, וואָס האָט ביי יענעם מאָמענט געהערשט ביי די פּאַציענטען, האָט ער באַשטימט צו גיין צום מיטינג.

ביים מיטינג האָבען מאַנכע פּאַציענטען זיך געהאַלטען אַזוי און געברויכט אַזאַ שפּראַך, אַז ער האָט מער דאָרט ניט געקענט פאַרבלייבען. אייניגע האָבען געפרעגט, וואָס עס וועט זיין וועגען אַדלערן. ער האָט זיי ערקלערט, אַז די פראַגע וועגען אַדלערן און בכלל די פראַגע וועגען אָנשטעלען און אָנטזאָגען אָנגעשטעלטע האָט ניט צו טאָן מיט די פּאַציענטען, נאָר מיט דער פאַרוואַלטונג, וועלכע ווערט פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט ערוויילט צו פאַרוואַלטען דעם סאַניטאַריום. די פּאַציענטען האָבען דאַן געשטעלט אַן אולטימאַטום, אַז אַדלער זאָל אַוועקגעשיקט ווערען. עס איז אויך געווען טראָבעל וועגען וואַסער. ווען מען האָט אָנגעפאַנגען בויען דעם נייעם רעזערוואואַר האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער קלענערער רעזערוואואַר רינט און ס'איז ניטאָ גענוג וואַסער פאַר'ן געברויך פון סאַניטאַריום. זייענדיג פאַר זיך די טראָבעל, איז ער מאָנטאָג דעם 4־טען סעפּט. געפאָרען אין פילאַדעלפיע צוזאַמען מיט פר. וויניק, וועלכער איז גראָד געווען אין סאַניטאַריום. אין פילאַדעלפיע האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די איבעריגע מיטגלידער פון דער סאַניטאַרום קאָמיטע, ווייל ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אין פילאַדעלפיע, אַז די גאַנצע קאָמיטע, ווי אויך אַ קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווו, זאָלען אַרויספאָרען אין סאַניטאַריום. פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע האָבען ניט אַלע מיטגלידער געקענט פאָרען, און עס זיינען דאָרט געווען פאָלגענדע: ל. ראָטהמאַן, י. וויינבערג, באַסקין, דייווידאָף, יאָנאַס (דירעקטאָר פון מאַסאַטשוזעטס) און ער (אַשפּיז).

ווען די קאָמיטע איז דינסטאָג געקומען אין סאַניטאַריום, האָבען זיי געפונען, אַז די פּאַציענטען האָבען ערקלערט יענעם פרימאָרגען אַ הונגער־סטרייק דער הונגער סטרייק פון די פּאַציענטען האָט אָנגעהאַלטען פון דינסטאָג פרי ביז מיטוואָך אָוונט. פר. וויינבערג איז געווען דער טשערמאַן פון די מיטינגען, וועלכע זיינען געהאַלטען געוואָרען פון די פּאַציענטען.

פר. וויינבערג ערקלערט, אַז ווען די קאָמיטע איז געקומען אין סאַניטאַריום האָט זיך געפילט אַ שטאַרקע אָנגעשטרענגטע שטימונג צווישען די פּאַציענטען. ער זאָגט, אַז אויף וויפיל מאַנכע טענות פון די פּאַציענטען וועגען ריינליכקייט, וואַסער און דאָס גלייכען זיינען געווען באַרעכטיגט, האָבען אָבער די פּאַציענטען אויף קיין פאַל ניט געהאַט די מאָראַלע באַרעכטיגונג צו ערקלערען אַ הונגער־סטרייק, ווייל זיי האָבען זייערע טענות פריער ניט פאָרגעבראַכט פאַר דער סאַניטאַריום קאָמיטע און דער הונגער־סטרייק איז אויף אַזאַ אופן געווען אַ מיטעל צו טעראָריזירען די פאַרוואַלטונג. ער דייטעט אָן, אַז דר. אַנטאָנאָווסקי האָט אַפילו ניט געפונען פאַר נייטיג צו רעדען מיט די פּאַציענטען, אַז זיי זאָלען אַרונטערגיין עסען. ער גלויבט, אַז דער דאָקטאָר האָט געוויס געקענט האָבען אַ ווירקונג און אַן איינפלוס אויף די פּאַציענטען ווען ער וואָלט באמת געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער טראָבעל זאָל ניט פאָרקומען.

מיט בייטאָג, ביי דעם מיטינג מיט די פּאַציענטען האָט ער די פּאַציענטען אויף אַ גאַנץ אַנטשידענעם אופן געזאָגט, אַז די, וועלכע ווילען פאַרבלייבען אין סאַניטאַריום, זאָלען ניט פאַרלאָזען דעם האָל. אַ טייל פּאַציענטען זיינען דאַן פאַרבליבען אין האָל, אַלע איבעריגע פּאַציענטען האָבען זיך נאָכהער אומגעקערט און אָנגענומען די ערקלערונג פון דער קאָמיטע. די קאָמיטע איז געקומען צום שלום, אַז דער דאָקטאָר דאַרף זיין די פאַראַנטוואָרטליכע פּערזאָן פאַר דעם עסען, פאַר די ריינקייט און פאַר די אָרדענונג. די קאָמיטע איז מיט דר. אַנטאָנאָווסקי געקומען צו אַ פאַרשטענדניס, אַז אין פראַגען וועגען פּערמאַנענטע אָנגעשטעלטע זאָל אַדלער זיך באַראַטען מיט אים. דר. אַנטאָנאָווסקי זאָל קענען אָנשטעלען און אָוועקשיקען אָנגעשטעלטע אויסער דעם מענעדזשער און אַסיסטענט דאָקטאָר. פר. וויינבערג גיט איבער, אַז ווען ער האָט געפרעגט דר. אַנטאָנאָווסקי, וואָרום דער האָספּיטאַל און אַנדערע פּלעצער אין סאַניטאַריום ווערען ניט געהאַלטען אַזוי ריין ווי עס איז אַלע מאָל געווען — אַ זאַך, פאַר וועלכער דער דאָקטאָר אַלס מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט איז פאַראַנטוואָרטליך — האָט דר. אַנטאָנאָווסקי ניט געגעבען קיין צופרידענשטעלענדען ענטפער. פר. וויינבערג לייזט דאַן פאָר פאָלגענדע אַנטשיידונג, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען אין סאַניטאַריום אין פאַרבינדונג מיט דעם סכסוך.

### אַנטשיידונג פון דער ספּעציעלער קאָמיטע פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע וועגען די לעצטע פּאַסירונגען אין סאַניטאַריום

מיר, די ספּעציעלע קאָמיטע פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר., אויסהערענדיג אַלע טענות, וואָס זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרען פון די פּאַציענטען געגען דעם מענעדזשמענט פון סאַניטאַריום און באַטראַכטענדיג די גאַנצע לאַגע, וועלכע איז געשאַפען געוואָרען אין סאַניטאַריום, קומען מיר צום פאָלגענדען באַשלוס:

יעדע אָרגאַניזאַציע, אויב זי וויל נאָר אָנהאַלטען איר עקזיסטענץ און דורכפירען איר אַרבייט מיט ערפאָלג, מוז זי אונטער אַלע אומשטענדען איינפירען ביי זיך געוויסע רולס, רעגוליישאָנס און דיסציפּלין, וועלכע מוזען אונטער אַלע אומשטענדען אָפּגעהיט ווערען. די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַ. ר., צוזאַמען מיט דער סאַניטאַריום קאָמיטע, וועלכע האָבען די פליכט צו פאַרוואַלטען אונזער סאַניטאַריום, מוז פירען די געשעפטען פריי פון יעדען אויסערליכען דרוק און קען ניט אונטער קיין פאַל זיך לאָזען באַאיינפלוסען פון צוואַנגס־מיטלען, ווי הונגער־סטרייקס, אָדער אַנדערע שרעקענס־מיטלען, אָנגעווענדעט פון די פּאַציענטען, כדי צו ווירקען אויף דער פאַרוואַלטונג דורכצופירען זייערע פאָדערונגען, וועלכע האָבען צו טאָן מיט דער פאַרוואַלטונג אין סאַניטאַריום. ווייל, ווען אַזאַ פּראָצעדור זאָל פּראַקטיצירט ווערען איז איין פאַל וועגען אַ געוויסען פּערזאָן, קען מען דאָך ערוואַרטען, [illegible] ־בע מעטאָדען און מיטלען זאָלען אַנ־ געווענדעט ווערען געגען [illegible] ־ פּערזאָן, אָדער גרופּע פּערזאָנען, אין אַן אַנדער פאַל. מיר [illegible] דורכאַוס, אַז די פּאַציענטען, אַרויס־ שטעלענדיג זייער פאָד[illegible] ־ער דעם דרוק פון אַ הונגער־סטרייק, ברעכען דערמיט יעדע [illegible] ן פון אונזער אָרגאַניזאַציע, און די

פאַרוואַלטונג, אויב זי האָט נאָר רעספּעקט צו זיך און צו דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זי פאַרטרעט קען ניט און טאָר ניט נאָכגעבען אַזאַ פאָדערונג.

די ספּעציעלע קאָמיטע אַנערקענט, אַז דער סאַניטאַריום מוז אין פיל הינזיכטען אויסגעבעסערט ווערען. זי אַנערקענט אויך, אַז אין דער לעצטער צייט, צוליב דעם צושטאַנד וועגען וואַסער און צוליב דעם מאַנגעל אין די פּאַסענדע אָנגעשטעלטע, איז פילעס פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען, און פאַר דעם צושטאַנד, אויף וויפיל מען קען אימיצען באַשולדיגען, איז דאָס ניט איין באַשטימטער פּערזאָן, נאָר די מעמבערשיפּ אַלס אַ גאַנצע. דעריבער באַשליסען מיר, אַז אַ גרינדליכע ענדערונג מוז געמאַכט ווערען, סיי אין דער פאַנאַנדערטיילונג פון פאַראַנטוואָרטליכקייט, סיי אין דעם פּערזאָנאַל.

מיר פאַרשפּרעכען דעריבער, אַז די דאָזיגע ענדערונג וועט געמאַכט ווערען אין משך פון אומגעפער 6 וואָכען אָדער 2 חדשים.

מ. י. אַשפּיז, י. באַסקין, י. וויינבערג, ל. ראָטהמאַן,
ס. יאָנאַס, מ. דיווווידאָף.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג דינסטאָג אָוועגט, דעם 19־טען סעפּטעמבער. דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

**אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָוועגט, דעם 19־טען סעפּטעמבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.**

### צושריפט

פון לאָס אַנדזשעלעס דיסטריקט קאָמיטע, — אויף אונזער אָנפראַגע וועגען די אַרעסטירטע מיטגלידער פון ס. ל. פּ., שרייבען זיי: „מיר האָבען געהערט פון דעם אַרעסט פון די וואָירקערס נעשאָנאַל אינדאַסטריעל יוניאָן. זיי האָבען זיך אָבער קיינמאָל ניט געווענדט צו דער היגער אַרבייטער־באַוועגונג נאָך שטיצע. די איצטיגע פּאַרטייזיגער זייערע זיינען אונז זייער פרעמד, דארום קענען מיר אויך גאָרניט ראַטען אין דעם הינזיכט. מיר לאָזען דאָס איבער צו אייער אַנטשיידונג, ווייל זיי האָבען זייער ווייניג וואָס צו טאָן מיט דער היגער אַרבייטער־באַוועגונג.“ עס ווערט באַשלאָסען ניט צו געבען קיין אינדאָרסמענט פאַר דעם צושריפט אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרעסט. (זע פּראָטאָקאָל פון ערשטען אויגוסט, דעם פאַרלאַנג פון דער ס. ל. פּ.)

---

פר. דיווווידאָף, ל. ראָטהמאַן און באַסקין גיבען איבער איינצעלהייטען וועגען דעם סכסוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַניטאַריום.

דר. זעלדין דענקט, אַז מען דאַרף פאָרמולירען אַ פּאָליסי פאַר׳ן סאַניטאַריום, אַז ס׳איז נייטיג צו האָבען אַ פאַראַנטוואָרטליכע מעדיקאַל אַדוויזערי באָרד, באַשטימען די פונקציעס פון מעדיקאַל דירעקטאָר און פון מענעדזשער און דאַן וועט די סאַניטאַריום קאָמיטע וויסען, אַז זי דאַרף די פּאָליסי דורכפירען, אָבער ווי עס איז איצט, ווען די פונקציעס פון די פאַראַנטוואָרטליכע אָנגעשטעלטע אין סאַניטאַריום זיינען ניט דעפיניטיוו, איז אומפאַרמיידליך, אַז זיי זאָלען קומען אין קאָנפליקט איינער מיט׳ן אַנדערען.

די פראַגע וועגען סכסוך אין סאַניטאַריום ווערט ברייט דעבאַטירט. כמעט אַלע מיטגלידער באַטייליגען זיך אין דער דעבאַטע, און עס ווערט באַשלאָסען גוטצוהייסען דעם רעפּאָרט און די האַנדלונג פון דער קאָמיטע.

---

פר. אַשפּיז בעט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל אויסטייטשען פאָלגענדעס:

אַ דריטע קלאַס מיטגליד פון בר. 231 האָט זיך געווענדט צו דער סאַניטאַריום קאָמיטע, אַז אירע אַ שוועסטער זאָל אַריינגענומען ווערען אין סאַניטאַריום. ביי דער סאַניטאַריום קאָמיטע איז אויפגעהויבען געוואָרען די פראַגע, צי אַ מיטגליד פון 3־טער קלאַס האָט אַ רעכט אַז אירער אַ ברודער אָדער שוועסטער זאָל אַריינגענומען ווערען אַלס באַצאָלטער פּאַציענט. די קאָמיטע האָט באַשלאָסען איבערגעבען די פראַגע צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

די פראַגע ווערט דעבאַטירט און עס ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען צו דער נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע אַרויסצוגעבען אַן אַנטשיידונג וועגען דעם.

### רעפּאָרט פון דער אַפּיס קאָמיטע

פר. י. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

בר. 388 איז געשטראָכען געוואָרען, ווייל זיי זיינען שולדיג געווען אַ גרויסע סומע צום אָפּיס. נאָכדעם ווי מען האָט אַרויסגעשיקט רעדזשיסטרירטע בריף צו אַלע מיטגלידער, האָבען זיי גלייך איינגעצאָלט און דער ברענטש איז ווידער ריאינסטיטוטעט געוואָרען.

די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע פאַרהאַנדעלט מיט אַ גרויסער סאָסייעטי וועגען אָנשליסען זיך אָן אַ. ר. אַזוי ווי זייער אָנשליסונג איז פאַרבונדען מיט לעגאַלע פראַגען, איז די זאַך איבערגעגעבען געוואָרען צו אונזער ליגעל אַדוויזער. די אָפּיס קאָמ. האָט אויך אָנגעפרעגט אונזער עקטשוערי, מר. עלדרידזש, וועגען דער סומע וואָס זיי וועלען דאַרפען איינצאָלען אום אַריינצוקומען לויט די יאָרען ווי זיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סאָסייעטי.

מאיר לאָנדאָן, אונזער ליגעל אַדוויזער, האָט ערקלערט, אַז אונזער טשאַרטער קען איצט ניט אַמענדירט ווערען, ווייל די לעצטע קאָנווענשאָן האָט ניט אָנגענומען קיין באַשלוס וועגען אַזאַ אַמענדמענט.

מיר האָבען לעצטענס געקראָגען אַ טשאַרטער אין וויסקאָנסין סטייט. די ברענטשעס פון יענעם סטייט זיינען געווען זייער צופרידען וואָס מיר זיינען דאָרט געוואָרען לעגאַל.

לויט דעם באַשלוס פון דעם לעצטען קאָנווענשאָן־רעפערענדום, וועט, אָנפאַנגענדיג פון דעם 69־טען קוואָרטאַל, דער איינס פּראָצענט איינטריטס־געלט פאַר נייע מיטגלידער גיין אויף צו דעקען דעם דעפיציט פון דעם אַדמיניסטריישאָן פאָנד.

אַ גרויסע „סיין“ איז געמאַכט געוואָרען איבער די פענסטער פון 9־טען פלאָר, וואו עס געפינט זיך איצט די עקזעקוטיוו רום.

בר. 30 האָט פאַרלאַנגט, אַז זייערער אַ מיטגליד, וועלכער איז פלוצלונג משוגע געוואָרען, זאָל טראַנספערירט ווערען אַלס מעמבער עט לאַרדזש, אַבוואָל ער איז אַ מיטגליד אין אַ. ר. בלויז עטליכע מאָנאַטען, האָט דאָך די אָפּיס קאָמיטע באַשלאָסען זייער פאַרלאַנג ניט צו באַוויליגען, ווייל, ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס מיט אים געווען אַן אומגליקספאַל.

עס איז באַשטימט געוואָרען צו דרוקען די נייע קאָנסטיטוציע, הונדערט טויזענט אידישע און 10 טויזענט ענגלישע עקזעמפּלאַרען. אין דער נייער קאָנסטיטוציע וועלען אַריינגיין אַלע לעצטע אָנגענומענע אַמענדמענט, ווי אויך די פּרינציפּען־ערקלערונג. די פּלאַטען פון דער קאָנסטיטוציע וועלען מיר קריגען, כדי מיר זאָלען יעדעס מאָל קענען איבערדרוקען די קאָנסטיטוציע ווען עס וועלען אָנגענומען ווערען נייע אַמענדמענטס.

אַ בריף איז אַרויסגעשיקט געוואָרען צו די מעמבערס עט לאַרדזש, פאַרלאַנגענדיג, אַז זיי זאָלען אָנגעבען אין וועלכע ברענטשעס זיי ווילען זיך טראַנספערירען. די, וועלכע וועלען ניט ענטפערען, וועלען טראַנספערירט ווערען דירעקט דורכ׳ן אָפּיס.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשטימט צו זען פאַרקויפען דאָס הויז אויף 211 הענרי סטריט.

פר. נ. ראָטהמאַן פון בענעפיט דעפּאַרטמענט האָט חתונה געהאַט און ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען צו געבען אים אַ פּרעזענט פון $25.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשטימט ניט אויסצוצאָלען דעם דעפיציט פון „קינדערלאַנד“.

---

פר. האָבערטס, אַלס טשערמאַן, ערקלערט, אַז די אָפּיס קאָמיטע קען ניט אָפּשטאַפּען אויסגאַבען, וועלכע ווערען אָפיציעל געמאַכט פון אַ קאָמיטע. ווען די אָפּיס קאָמיטע האָט אויסצוזעצען געגען דער אָדער יענער אויסצאָלונג, קען זי ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער קאָמיטע, וועלכע מאַכט די אויסגאַבע, אָבער זי קען ניט אינגאַנצען אָפּשטאַפּען דעם טשעק.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט דאַן גוטגעהייסען.

### רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, באַריכטעט, אַז נאָכדעם ווי עס איז באַשטימט געוואָרען אָפּצוטיילען די 31 מיטגלידער פון בר. 79 אין אַ באַזונדערען ברענטש, איז די קליוולאַנד דיסטריקט קאָמיטע באַאויפטראַגט געוואָרען צו אָרגאַניזירען די אינסטאַליישאָן פון דעם נייעם ברענטש. די דיסטריקט קאָמיטע האָט אַרויסגעשיקט אַ בריף צו יעדען איינעם פון די 31 מיטגלידער, אָבער קיינער פון זיי איז צו דער אינסטאַליישאָן ניט געקומען. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען נאָכאַמאָל אַן אינסטאַליישאָן מיטינג דורכ׳ן דזשענעראַל אָפּיס און לאָזען זיי וויסען, אַז אויב זיי וועלען ניט קומען צו דער אינסטאַליישאָן, וועלען זיי טראַנספערירט ווערען אַלס מיטגלידער עט לאַרדזש.

אין ספּרינגפילד איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ נייער ברענטש און אַ טייל מיטגלידער פון דעם אַלטען ברענטש האָבען זיך אַהין טראַנספערירט.

פון דולוטה, מינעסאָטאַ, איז געקומען אַ פאַרלאַנג צו ערלויבען זיי דאָרט גרינדען אַ נייעם ברענטש. דער אַלטער ברענטש האָט ניט געוואָלט צושטימען דערצו, אַז אַזאַ ברענטש זאָל געגרינדעט ווערען. נאָכדעם ווי די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט די זאַך גענוי אונטערזוכט, איז זי געקומען צום שלוס, אַז ס׳איז דאָרט פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר נאָך אַזאַ ברענטש און ערלויבט זיי צו מאַכען די נייטיגע פאָרבאַרייטונגען.

בר. 246 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס צו טראַנספערירען צוויי מיטגלידער אַלס מעמבערס עט לאַרדזש. אַזוי ווי דער ברענטש האָט באַשטימט צוריקצואווייזען דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו וועגען דער פראַגע, האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען זיי ערקלערען, אַז אַ ברענטש קען ניט צוריקווייזען אַ באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג. אויב אָבער זיי וועלען צוריקציען זייער באַשלוס וועגען צוריקווייזען די האַנדלונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, וועלען מיר דאַמאַלס מיט זיי די פראַגע אויפנעמען.

בר. 164, פילאַדעלפיע, האָט געבעטען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען אַז דער ברענטש זאָל טראָגען דעם נאָמען פון זייערען אַ פאַרשטאָרבענעם מיטגליד. פר. לעוויטאַן איז ביי זיי געוועזען און ערקלערט, אַז זייער פאַרלאַנג קען לײדער ניט באַוויליגט ווערען, ווייל אונזערע ברענטשעס ווערט ערלויבט צו טראָגען די נעמען בלויז פון נאַציאָנאַלע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע פּערזאָנען.

אין בר. 231 זיינען לעצטענס פאָרגעקומען רייבונגען. די ניו־יאָרק סיטי קאָמיטע באַזוכט דעם ברענטש.

פר. ראַבערטס איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 33, וואו עס איז אויפגענומען געוואָרען פאַרשידענע פראַגען וועגען אַ. ר.

אין בר. 709, באָלדען, מאַס., קומען פאָר רייסערייען, און זיי האָבען פאַרלאַנגט. אַז די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע זאָל רופען אַ ספּעציעלען מיטינג פון ברענטש און שיקען צו זיי אַ פאַרטרעטער. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זייער פאַרלאַנג צו באַוויליגען.

פר. כאַנין איז געוועזען ביי בר. 710, באָסטאָן, באַזוכענדיג יענע שטאָט. ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער שטעלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו בנוגע געוויסע פראַגען, האָט ער געבעטען אַ וואָרט, אָבער דער טשערמאַן האָט זיך אַנטזאַגט אים אַ וואָרט צו געבען. פר. כאַנין וועט אַליין איבערגעבען וועגען דעם אינצידענט.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען ספּעציעלע מיטינגען פון די ברענטשעס אין באָסטאָן און אומגעגענט און שיקען אַהין אַ פאַרטרעטער. פר. וויינבערג איז ערוויילט צו זיין פאַרטראָטען.

אַ גרופּע מיטגלידער פון סיו־סיטי האָט געבעטען צו ערלויבען זיי גרינדען אַ נייעם ברענטש. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אויב זיי וועלען קריגען 25 נייע קאַנדידאַטען, זאָל דאָרט אַ נייער ברענטש געגרינדעט ווערען.

בר. 744 איז פאַראייניגט געוואָרען מיט בר. 736.

פר. ראַבערטס איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 716, ספּרינגפילד. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען דער שטעלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו בנוגע די לעצטע פּאַסירונגען אין אַ. ר. און אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג בכלל, און ער האָט זיי אויך איבערגעגעבען דעם באַשלוס וועגען גרינדען אַ נייעם ברענטש אין ספּרינגפילד, צו וועלכען זיי האָבען צוגעשטימט.

פר. לעוויטאַן איז געוועזען פאַרטראָטען ביי בר. 168, יאָנקערס. זיי האָבען דאַמאָלס אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו שטיצען די האַנדלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

ער (דינערשטיין) איז געוועזען פאַרטראָטען אין פּעטערסאָן און זיך דורכגערעדט מיט די מיטגלידער וועגען די פראַגען וואָס שטייען ביי אונז איצט אויף דער טאָג־אָרדענונג. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז צוזאַמען מיט דעם מיטגלידערשאַפט קאַמפּיין זאָל אויך אָנגעפירט ווערען אַ קאַמפּיין פאַר אַלגעמיינע רעליף.

ס'איז באַשטימט געוואָרען, אַז דער קאַמפּיין זאָל ערעפענט ווערען אין ניו־יאָרק דורך אַ צוזאַמענקונפט פון פאַרטרעטער פון אַלע ברענטשעס און עס זאָל דאַמאָלס געגעבען ווערען אַ לאָנטש פאַר די אַלע, וועלכע וועלען זיין פאַרטראָטען.

---

די פראַגע וועגען דעם צוזאַמענקונפט ביי אַ לאָנטש ווערט דעבאַטירט און עס ווערט באַשלאָסען די אַנגעלעגענהייט נאָכאַמאָל איבערגעבען צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו האַנדלען.

פר. דאָראָשקין שטימט געגען דער שטעלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו בנוגע בר. 79.

דער רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## וועגען בר. 710

פר. כאַנין ערקלערט, אַז צען ברענטשעס אין באָסטאָן האָבען געהאַט אַ קאָנפערענץ וועגען אָנהאַלטען די אויפגעלייזטע באָסטאָן דיסטריקט קאָמיטע. זיי האָבען אַרויסגעשיקט אַ רעפערענדום צו אַלע ברענטשעס אין באָסטאָן וועגען אַ טעקס צו דעקען די אויסגאַבען פאַר אויפהאַלטען אַזאַ דיסטריקט קאָמיטע. ווען ער איז אַנוועזענד געוועזען ביים מיטינג פון בר. 710, איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען דער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע. ער האָט אין זינען געהאַט ניט צו נעמען קיין וואָרט אין דער פראַגע, אָבער הערענדיג די זלזולים און פאַרלוימדונגען, וואָס זיינען געוואָרפען געוואָרען אויף דער נאַצ. עקזעקוטיוו, האָט ער זיך פאַרשריבען צום וואָרט כדי צו געבען אַן ערקלערונג אַלס מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג. דער טשערמאַן האָט זיך אַנטזאַגט צו געבען אים דאָס וואָרט. ווען ער האָט אָבער דורכאויס געפאָדערט, אַז אַלס פאַרטרעטער פון דער נאַצ. פאַרוואַלטונג איז ער באַרעכטיגט צו קריגען דאָס וואָרט ביי יעדער פראַגע, האָט דער טשערמאַן געענטפערט, אַז ער וועט דאָס איבערגעבען צו אַן אָפּשטימונג צום מיטינג. פר. כאַנין האָט דאַן געזאָגט, אַז ער וועט ניט ערלויבען די פראַגע איבערצוגעבען צו אַן אָפּשטימונג, נאָר ער וועט דעם טשערמאַן האַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַט דער דאָזיגער האַנדלונג. צו ענדע פון מיטינג, ווען עס איז געשטימט געוואָרען וועגען דער שטעלונג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו בנוגע דער אויפלייזונג פון דער דיסטריקט קאָמיטע, האָבען 16 געשטימט פאַר דער האַנדלונג פון דער עקזעקוטיוו און 13 געגען. צוויי מיטגלידער זיינען דאַן אויף אים אָנגעפאַלען און אים און די גאַנצע נאַציאָנאַלע

פאַרוואַלטונג געשימפּט מיט די ערגסטע זלזולים, מיט מיאוס'ע פאַרלוימדערישע אויסדרוקען. אַדלער, אַ מיטגליד פון אַ צווייטען ברענטש, וועלכער איז דאָרט אַנוועזענד געוועזען, האָט אים (כאַנין) גערופען סקעב. ער ערקלערט, אַז ער קלאָגט אָן די צוויי מיטגלידער אין פאַרלוימדען אים און די נאַצ. עקזעקוטיוו.

עס ווערט באַשלאָסען, אַז פר. וויינבערג, וועלכער וועט פאָרען אין באָסטאָן, זאָל די זאַך אונטערזוכען אין ברענטש גופא.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג זונטאָג פרי, דעם 24־טען סעפּט. דער מיטינג ווערט דאַן געשלאָסען.

פ. געליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

---

**אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָוונט דעם 26־טען סעפּטעמבער מיט פר. לעוויטאַן אַלס טשערמאַן.**

פר. געליבטער ערקלערט, אַז 8 מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו האָבען איבערגעגעבען, אַז עס וועט פאַר זיי אוממעגליך זיין צו קומען צום מיטינג זונטאָג, און ער האָט דאַרום אָפּגערופען דעם מיטינג אויף היינט אָוונט. פר. וויינבערג דריקט אויס אומצופרידענהייט מיט דער האַנדלונג, און עס ווערט באַשלאָסען, אַז אין דער צוקונפט זאָלען קיין מיטינגען ניט געענדערט ווערען נאָכדעם ווי די עקזעקוטיוו באַשטימט די צייט.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע

פר. בערמאַן, ווייס־טשערמאַן, באַריכטעט, אַז אין בר. 363 איז געווען אַ פראַגע וועגען 4 וואָכען צוויי־פעלהאַפטע בענעפיט. מאַנכע מיטגלידער האָבען איבערגעגעבען, אַז דער דאָקטאָר האָט אים אויסגעפילט סערטיפיקייטס אין פאָראויס און ער האָט זיי נאָכהער צוגעשטעלט צום ברענטש־מיטינג. אַ פאַרטרעטער פון דער בענעפיט קאָמ. האָט די זאַך אונטערזוכט. דער סענטימענט פון ברענטש איז געווען, אַז די בענעפיט זאָל אויסגעצאָלט ווערען. די בענעפיט קאָמיטע האָט זיך גערעכענט מיט דעם סענטימענט און אויסגעצאָלט די בענעפיט, נאָר באַשלאָסען אויפמערקזאַם צו מאַכען דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט וועגען דעם פאַל פון דאָקטאָר פון זייער דעפּאַרטמענט און זיי זאָלען אונטערזוכען, צי דער דאָקטאָר האָט ווירקליך אויסגעפילט סערטיפיקייטס אין פאָראויס.

בר. 367 האָט צוגעשיקט סערטיפיקייטס, וועלכע זיינען געווען ניט פּינקטליך אויסגעפילט. ווי זיי האָבען ערקלערט, האָבען זיי שוועריגקייטען צו קאָרעגירען סערטיפיקייטס ווען דער דאָקטאָר מאַכט אַ טעות. זיי האָבען פאַרזיכערט, אַז די באַטרעפענדע מיטגלידער זיינען געווען קראַנק און זיי האָבען רעקאָמענדירט די בענעפיט אויסצוצאָלען. נאָכדעם ווי עס איז ערהאַלטען געוואָרען אַ שריפטליכע ערקלערונג וועגען דעם פון ברענטש, איז די בענעפיט אויסגעצאָלט געוואָרען.

דר. מעריסאָן, אונזער מעדיקאַל עקזאַמינער און באַראַטונגס־דאָקטאָר פון דזשענעראַל אָפיס, האָט דורך אַן עקסידענט צעבראָכען אַ פוס. ער איז געלעגען צו בעט עטליכע וואָכען. די בענעפיט קאָמיטע האָט געשיקט צו אים אַ בוקעט בלומען און אויך אַ קאָמיטע אים צו באַזוכען. דר. מעריסאָן איז איצט שוין געזונט און אַטענדעט ווידער צו זיינע פּאַציענטען, ווי אויך צו זיינע פּריוויליגע פליכטען צום אָפיס.

די בענעפיט קאָמיטע האָט אין פאַרלויף פון מאָנאַט געהאַנדעלט איבער 24 צוויי־פעלהאַפטע בענעפיט קייסעס און באַזוכט 6 ברענטשעס וועגען בענעפיט פראַגען.

דער רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער גריוועגנס קאָמיטע

פר. בלאָק, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

בר. 578 האָט אָנגעפרעגט, צי מעמבערס פון קלאַס 3 און לאָקאַלע מיטגלידער האָבען אַ רעכט צו שטימען ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַריינגעמען אַ נייעם מיטגליד אין ברענטש. די גריוועגנס קאָמיטע האָט אויטגעטייטשט, אַז דריטע קלאַס מיטגלידער האָבען יאָ אַ רעכט צו שטימען אין דער פראַגע, אָבער ניט לאָקאַלע מיטגלידער.

אַ מיטגליד פון בר. 166, מילוואָקי, האָט אָנגעפרעגט, צי לויט אונזער קאָנסטיטוציע טאָר אַ מיטגליד ניט שטימען פאַר אַ פּראָגרעסיווען קאַנדידאַט דאָרט וואו די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שטעלט קיין קאַנדידאַט ניט אַרויס. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אים ענטפערען, אַז אויב אַ מיטגליד פון אַ. ר. איז באַשטראָפט געוואָרען פאַר אַזאַ האַנדלונג, קען ער צו אונז אַפּעלירען, ווען ער איז אומצופרידען מיט דער אַנטשיידונג פון ברענטש.

בר. 458 האָט אַפּעלירט געגען בר. 8 וועגען פאָלגענדעס: מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט בר. 458 פאַרקלאָגט אין בר. 8 זייערען אַ מיטגליד פאַר נעמען ביי זיי אַ קרעדענשעל צו אַ קאָנפערענץ און איבערגעבען דעם קרעדענשעל צו אַ צווייטען. בר. 8 האָט דעם באַטרעפענדען באַשטראָפט, ער זאָל ניט טאָרען פאַרנעמען קיין אַמט אין ברענטש אַ יאָר צייט. נאָכהער ארויז האָט דער ברענטש די שטראָף פון אים אַרונטערגענומ[illegible]ען דעם בר. 458.

בר. 8 ווידער האָט ערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער מיטגליד זייערער איז געווען אונטער שטראָף 3 מאָנאַטען צייט און זיי האָבען דאַן באַשלאָסען די שטראָף אַרונטערצונעמען.

די נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז אַ ברענטש האָט אַ רעכט אַרונטערצונעמען די שטראָף פון אַ מיטגליד, נאָכדעם ווי עס גייט אַוועק אַ געוויסע צייט. די האַנדלונג פון בר. 8 איז אויף אַזאַ אופן גוטגעהייסען געוואָרען.

אַ מיטגליד פון בר. 341, דענבורי, קאָנ., האָט זיך געשלאָגען ביים מיטינג. דער ברענטש האָט אים באַשטראָפט מיט $25. ער האָט אַפּעלירט געגען דעם באַשלוס. אין דער צייט, ווען מיר האָבען זיך דורכגעשריבען וועגען דער פראַגע, האָט דער ברענטש געלאָזט וויסען, אַז זיי שענקען אים די שטראָף און אויך זיין חוב און זיי ווילען, אַז ער זאָל מער ניט זיין אין ברענטש. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען דערוויל אים צו מאַכען אַלס מעמבער עט לאַרדזש, נאָר אויב ער וועט געפינען אין איינע פון די נאָענטע שטעטלאַך אַ ברענטש, וואָס וועט אים וועלען אַריינעמען, זאָל ער אַהין טראַנספערירט ווערען.

אַ מיטגליד פון בר. 433 האָט אָנגעקלאָגט בר. 129, 254, 328 און 516 פון שיקאַגאָ, אַז זיי האָבען גערופען אַ קאָנפערענץ צו פּראָטעסטירען געגען די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן און געפעלשט דעם אינהאַלט פון די רעזאָלוציעס. די ברענטשעס האָבען ערקלערט, אַז דער אינהאַלט אין דעם צושריפט וועגען די רעזאָלוציעס איז געווען געשטיצט אויף דעם ווי די צייטונגען האָבען אין דער צייט פון קאָנווענשאָן איבערגעגעבען די דאָזיגע רעזאָלוציעס. די נאַצ. גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז ברענטשעס האָבען אַ רעכט צו רופען אַ קאָנפערענץ געגען דעם אָדער יענעם באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג אָדער קאָנווענשאָן, אָבער די אַרט און וויזע ווי די קאָנפערענצען זיינען פון אַט די ברענטשעס גערופען געוואָרען און די שפּראַך, וועלכע זיי האָבען באַנוצט אין דעם צושריפט, איז ניט אין איינקלאַנג מיט די טראַדיציעס און דעם האַרמאָנישען גייסט פון אַ. ר. און זיי פאַרדינען דאַרום געטאַדעלט צו ווערען.

אַ מיטגליד פון בר. 615 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו באַשטראָפען אים מיט 99 דאָלאַר. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז דער באַטרעפענדער האָט אַרונטערגענומען קאָפּיעס פון די אַדרעסען פון די שילער און די לעצטע נאָכהער אָפּגערעדט פון דער אַ. ר. שול און גערופען זיי אין זיין פּריוואַט מוזיק שטודיאָ. ווען די קלאַגע האָט געהאַלטען ביים אונטערזוכט ווערען, האָט ער פאַרלאַנגט אַ טראַנספער. דער באַטרעפענדער האָט עפענטליך באַשולדיגט צוויי אַקטיווע מיטגלידער פון ברענטש, אַז זיי האָבען ביי אים גע'גנב'עט מוזיק פון זיין פאַרפאַסונג. דער אַפּעלאַנט האָט ניט געליוקענט די סטייטמענטס געגען אים, נאָר ער האָט ערקלערט, אַז די מוזיק, וואָס ער האָט פאַרפאַסט, איז געווען זיין אייגענטום און ער האָט דאַרום געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז יענע צוויי מיטגלידער האָבען די נאָטען צוגענומען פאַר דער שולע. ער האָט דאָס אָבער ניט געקענט באַווייזען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו טאַדלען דעם אַפּעלאַנט, באַשטראָפען אים מיט דעם וואָס ער זאָל ניט טאָרען האַלטען קיין אַמט אין קיין אַ. ר. ברענטש פאַר צוויי יאָר צייט און באַוויליגען פאַר אים אַ טראַנספער אין אַ צווייטען ברענטש.

אַ מיטגליד פון בר. 446 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון בר. פאַר מאָנען פון אים אַ טעקס פון $2 פאַר אַ באַנקעט, אין דער צייט ווען ער האָט שוין דאַמאָלס געוואוינט אין ניו־יאָרק און ניט געקענט אַטענדען צום באַנקעט. ווי ער ערקלערט, האָט ער אַפילו ניט געקראָגען קיין טיקעט צום באַנקעט. אַזוי ווי פון דעם בר. איז מען ניט געקומען, אָבוואָל מען האָט זיי צוויי מאָל אַרויסגערופען, איז באַשלאָסען געוואָרען גוטצוהייסען דעם אַפּיל.

די גריוועַנס קאָמיטע האָט נאָכאַמאָל אויפגענומען דעם אַפּיל פון בר. 53 וועגען דעם לאָקאַלען טעקס פאַר די אַ. ר. שולען אין ניו־יאָרק. דער ברענטש האָט געשטימט פאַר'ן טעקס, נאָר אַ מאַיאָריטעט ברענטשעס האָבען געשטימט געגען. די גריוועַנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז ברענטשעס, וועלכע האָבען געשטימט פאַר'ן טעקס, זיינען פאַרפליכטעט דעם טעקס צו צאָלען, ווייל דאָס איז אַ פריוויליגער טעקס.

דער רעפּאָרט פון דער גריוועַנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## וועגען „פריינד“

פר. מאַקס פיין, טשערמאַן פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, באַריכטעט, אַז זיי האָבען ברייט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דעם „פריינד“, וועגען אויסבעסערען אים און זען, אַז ער זאָל ווערען אַן אָנגעזעענער זשורנאַל אין דער אידישער זשורנאַליסטישער וועלט. דער פּראָגראַם, וואָס זיי האָבען אויסגעאַרבייט פאַר'ן „פריינד“, איז ווי פאָלגט:

1) אין יעדען נומער זאָל זיין איינער אָדער צוויי סאָציאַל־פּאָליטישע אַרטיקלען.

2) דער „פריינד“ זאָל ווערען אַ פאַמיליען־זשורנאַל.

3) אין דעם אָרגאַן זאָל זיך אָפּשפּיגלען דאָס לעבען פון אַ. ר. אין דעם ברייטסטען זין פון וואָרט.

4) איינפירען אַן אָפּטיילונג: אַ שפּאַציר איבער די ברענטשעס און אַ. ר. אינסטיטוציעס. דאָס זאָל געשריבען ווערען אין אַ בעלעטריסטישער פאָרם.

5) עס זאָלען אָפט געדרוקט ווערען אַרטיקלען איבער מעדיצין און היגיענע, געשריבען צוגענגליך פאַר דעם ברייטען עולם.

6) פּובליציסטיק זאָל מען קריגען פון די בעסטע אידישע שרייבער.

7) דרוקען קאָרעספּאָנדענצען וועגען דעם לעבען פון די ברענטשעס איבער'ן לאַנד.

8) איבערגעבען אין אַ שיינער פאָרם די אינטערעסאַנטע קלאַגען און אַפּילס, וואָס ווערען פאַרהאַנדעלט ביי דער נאַציאָנאַלער גריוועַנס קאָמיטע אָדער ביי דער נאַצ. באָרד אָוו דירעקטאָרען.

9) פּאָליטישע און עקאָנאָמישע טאָג־פראַגען זאָלען באַהאַנדעלט ווערען אין יעדען נומער.

10) האָבען אַן אָפּטיילונג פון דער ענגלישער אַרבייטער־פּרעסע.

11) וועגען קאָאָפּעראַציע זאָלען זיין אַרטיקלען, געשריבען מיט אַ קריטישען בליק, און וועגען קאָנקרעטע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען.

12) סקיצען פון אַרבייטער־לעבען.

13) האָבען אַרטיקלען וועגען קראַנקהייטען און אומגליקס־צופאַלען אין אַ. ר.

14) אַ ליד זאָל געדרוקט ווערען בלויז פון צייט צו צייט, ווען עס וועט זיין אַ ליד, וואָס האָט אַ באַדייטענדען ליטעראַרישען ווערט.

15) ענדערען דעם פאָדער־בלאַט פון „פריינד“.

16) אַנאָנסירען דעם אינהאַלט פון יעדען נומער „פריינד“ אין דער אַרבייטער־פּרעסע, כדי צו מאַכען דעם זשורנאַל מער פּאָפּולער, אום אונזער ברייטע מיטגלידערשאַפט זאָל אים לייענען.

פר. פיין ערקלערט, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז דאָס „קינדערלאַנד“ און די לערער־קורסען זאָל מען דערוויל לאָזען ווי זיי זיינען און מאַכען יעדע אָנשטרענגונג מער צו אַנטוויקלען אַט די אינסטיטוציעס.

ער גיט אויך איבער, אַז די קאָמיטע וועט האָבען אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג צוזאַמען מיט דער שול־קאָמיסיע צו פאַרהאַנדלען די פראַגע וועגען די חובות, וואָס קומען צו די לערער. אין פאַרבינדונג מיט דעם וועט אַרויסגעשיקט ווערען צו אַלע אונזערע שולען אַן אַנפראַגע וועגען די חובות וואָס זיי זיינען שולדיג די לערער.

נאָך אַ לענגערער דעבאַטע, ווערט דער באַריכט גוטגעהייסען.

## וועגען מעדיקאַל דעפּאַרטמענט

עס ווערט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, וועגען דעם וואָס זיי פּלאַנעווען איבערציען דעם אָפיס אויף אַ צווייטען פּלאַץ. עס ווערט אָנגעצייגט, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט האָט די לעצטע צייט געהאַט די טענדענץ פון סעפּאַראַטיזם, אַנשטאָט ווי ביי אונז אין אַ. ר. איז דאָ די טענדענץ פון צענטראַליזאַציע.

נאָך אַ לענגערער דעבאַטע, אין וועלכער עס באַטייליגען זיך כמעט אַלע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו, ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ סאַב־קאָמיטע פון 3, וועלכע זאָל האָבען אַ מיטינג מיט דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט און זיי איבערגעבען דעם סענטימענט פון דער עקזעקוטיוו, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט זאָל זיך ניט איבערקלייבען פון אָפיס; אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו איז וויליג צו געבען זיי די הילף פון דזשענעראַל אָפיס און יעדע מעגליכע קאָאָפּעראַציע; אַז ס'איז דער פאַרלאַנג פון דער עקזעקוטיוו, אַז דער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט זאָל זיינע מיטינגען אָפּהאַלטען אין אונזער עקזעקוטיוו רום. די סאַב־קאָמיטע זאָל זיך דורכריידען מיט דעם מעדיקאַל דעפּאַרטמענט און זיי ערקלערען, אַז אונזער פאַרלאַנג איז צו ברענגען נענטער דעם דעפּאַרטמענט צו דער ברייטער מיטגלידערשאַפט און צו דער פאַרוואַלטונג, אַנשטאָט זיך צו דערווייטערען. אין דער סאַב־קאָמ. ווערען ערוויילט פר. ל. ראָטהמאַן, לעוויטאַן און ראָבערטס.

## וועגען רוסיש־אַמעריקאַנער אינדאַסטריעל קאָרפּאָריישאָן

די פראַגע וועגען אונזער באַציאונג צו דער רוסיש־אַמעריקאַנער אינדאַסטריעל קאָרפּאָריישאָן ווערט ברייט דיסקוטירט. מאַנכע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו זיינען מיט דער מיינונג, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו דאַרף בלייבען ביי איר שטעלונג (זע פּראָטאָקאָל פון 1־טען אויגוסט), אַנדערע ווידער גלויבען, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף שיקען אַ פאַרטרעטער צו דער קאָנפערענץ פון די אַ. ר. ברענטשעס, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין מאָנאַט אָקטאָבער וועגען דער פראַגע און איבערגעבען דאָרט אונזער שטעלונג.

אין פאַרלויף פון דער דיסקוסיע ווערט אָנגעדייטעט, אַז סידני הילמאַן, דער פּרעזידענט פון דער רוסיש־אַמעריקאַנער קאָרפּאָריישאָן, אויב ער האָט געוואָלט העלפען רוסלאַנד, האָט געדאַרפט רופען אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג, צוזאַמענצושטעלען אַזאַ קערפּערשאַפט; אַז ווי די רוסיש־אַמעריקאַנער קאָרפּאָריישאָן איז איצט, האָט זי ניט קיין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער, אַז דאָרט זיינען ניט פאַרטראָטען אַלע צווייגען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג.

עס ווערט באַשטימט פאַרצוזעצען די דיסקוסיע וועגען דער פראַגע ביים קומענדען מיטינג.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער נעקסטער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו זאָל זיין דינסטאָג אָוונט, דעם 3־טען אָקטאָבער.

פ. נעליבטער, רעקאָרדינג סעקרעטער.

# אפיציעלע צירקולארען

ווערטע פריינד:

איניגע ברענטשעס האבען זיך געווענדט צו דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו מיט א פארלאנג, אז זי זאל ארויסזאגען איר מיינונג וועגען דער רוסיש־אמעריקאנער אינדאסטריעל קארפאריישאן. מיר ווילען וועגען דעם זאגען פאלגענדעס:

אין מאנאט יוני, ביי דעם ערשטען מיטינג ווען מיר זיינען אינסטאלירט געווארען, איז געקומען א פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד מיט א פארלאנג, אז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו זאל האבען א ספעציעלען מיטינג, ביי וועלכען סידני הילמאן, פרעזידענט פון דער אמאלגאמייטעד קלאטהינג ווארקערס, וועט זיין אנוועזענד און געבען א גענויע ערקלערונג וועגען דעם פלאן און וועגען זיין מעגליכער דורכפירונג אין לעבען. מיר האבען גערן באשטימט אזא דייט און געשריבען א בריף צום פרעזידענט פון דער אמאלגאמייטעד. אויף דעם בריף האט אונזער גענעראל־אפיס, מיט עטליכע טעג פאר דעם באשטימטען מיטינג, ערהאלטען אן ענטפער פון פר. סידני הילמאן, אז ער קען צו דעם מיטינג ניט קומען, ווייל ער וועט ניט זיין אין שטאט. אין א קורצער צייט ארום האט אונזער גענעראל־אפיס ערהאלטען געדרוקטע ליפלעטס וועגען דעם דאזיגען פלאן.

אזוי ווי פר. סידני הילמאן איז צו דעם מיטינג ניט געקומען, און אזוי ווי מיר האבען אפיציעל נאך אלין ניט געהאט די נייטיגע איינצעלהייטען וועגען דעם, — און מיר האבען נאך ביז היינטיגען טאג ניט די נייטיגע אינפארמאציע, — איז די פראגע פאר אונז געבליבען אפען און מיר האבען ניט אנגענומען קיין שטעלונג וועגען דעם.

די הויפט־אורזאך, אבער, וואָרום מיר זיינען געבליבען פאסיוו צו דער באוועגונג איז דערפאר, ווייל מיר האבען זיך גערעכענט מיט פאלגענדען פאקט: אין די פריערדיגע יארען, ווען די אמעריקאנער אידישע ארגאניזירטע ארבייטערשאפט האט געהאט אין זינען א פלאן פון געזעלשאפטליכער טעטיגקייט, אין וועלכער אלע טיילען פון דער באוועגונג זאלען זיין פאראינטערעסירט, פלעגט מען פריער זיך צוזאמענקומען אויף א געמיינשאפטליכער קאנפערענץ, וואו דער פלאן איז באשפראכען און דיסקוטירט געווארען. דערנאך פלעגט דער פלאן ארויסגעטראגען ווערען אין דער עפענטליכקייט אלס דער רעזולטאט פון דער געמיינשאפטליכער פארשטענדניס פון אלע ארבייטער־ארגאניזאציעס.

אין דעם פאל איז ליידער געמאכט געווארען אן אויסנאם. די אמאלגאמייטעד קלאטהינג ווארקערס האט דעם פלאן אליין אויסגעארבייט, ניט בעראטענדיג זיך פריער מיט די אנדערע טיילען פון דער באוועגונג, און שפעטער, ווען זייער קאנווענשאן האט דעם פלאן אויפגענומען, האבען זיי פארטגעזעצט די ארבייט אליין, אינקארפארירענדיג די געזעלשאפט אויף די נעמען פון פארטרעטער בלויז פון איין ארגאניזאציע. מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז סיי ביים ארגאניזירען די קערפערשאפט, סיי ביים אויסארבייטען דעם אריגינעלען פלאן פון דער אונטערנעמונג, זיינען אלע איבעריגע צווייגען פון דער ארבייטער־באוועגונג לחלוטין ניט גענומען געווארען אין אנבאטראכט. אונטער אזעלכע אומשטענדען, פארשטייט זיך, אז מיר, די נאציאנאלע פארוואלטונג פון א. ר., האבען ניט געקאנט אנשליסען זיך אן דער באוועגונג און רופען אונזערע ברענטשעס צו באטייליגען זיך אין דער ארבייט פון דער קערפערשאפט.

ס'איז איבעריג צו זאגען, אז די נאצ. עקזעקוטיוו און דער א. ר. אלס גאנצע האבען זיך שטענדיג באטייליגט אין יעדער געזעלשאפטליכער אונטערנעמונג און יעדער רעליף־טעטיגקייט, ווען עס האט זיך געהאנדעלט צו העלפען רוסלאנד. ווען עס האנדעלט זיך אבער וועגען אן אונטערנעמונג וואס טראגט אן אינדוסטריעל־געזעלשאפטליכען כאראקטער, און וועמעס פלענער זיינען אין איינצעלהייטען אונז ניט באקאנט, פילען מיר זיך מאראליש ניט בארעכטיגט צו רעקאמענדירען אונזערע ברענטשעס און מיטגלידער צו אינוועסטען געלט אין דער קארפאריישאן.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע, ארב. רינג.

י. באסקין, גענעראל סעקרעטער.

---

## ...לע ברענטשעס פון ארבייטער רינג

...ניזאציע איז געווען פארטראטען אויף דער לעצטער
...יפעלס רעליף. דארטען זיינען פארגעקומען איניגע
...ראגען. מיר האלטען פאר אונזער פליכט אויפצו־
...אונזערע ברענטשעס איבער'ן לאנד די שטעלונג וואס
...ע האט גענומען און די אורזאכען וואס האבען גע־
...לעגאציע צו נעמען אזא שטעלונג אין די פארשי־

...וויכטיגע פראגע, וואס איז פארהאנדעלט געווארען,
...אל די פיפעלס רעליף קאמיטע ווייטער עקזיסטירען.
...עגאציע האט געשטימט דערפאר, אז די פיפעלס רע־
אויך ווייטער עקזיסטירען. אונזער דעלעגאציע האט

קאנ...
זייער ו...
קלערען
אונזער
בראכט
דענע פר...
די
איז גע...
אונזער
ליף קאנ...

עס געטאן, האבענדיג פאר זיך דאס בילד פון דער גאנצער לאגע פון די אידישע מאסען, און הויפטזעכליך די אידישע ארבייטער, אין אלע מלחמה־לענדער, — וויסענדיג ווי די נויט איז דארטען גרויס, — ווי וויכטיג עס איז אז צווישען זיי זאל אנגעפיהרט ווערען קאנסטרוקטיווע הילפס־ארבייט, — ווי וויכטיג עס איז אז די קאאפעראטיווע ארבייטער־אנשטאלטען זאלען קאנען קריגען הלואות פון א ספעציעלען פאנד, וואס איז פאר דעם באשטימט, און ווי וויכטיג עס איז אז עס זאלען אויפגעהאלטען ווערען די ארבייטער־שולען, וועלכע זיינען פארשפרייט אין אלע מלחמה־לענדער.

אונזער דעלעגאציע האט פארשטאנען, אז אויב די פיפעלס רעליף קאמיטע זאל אויפהערען עקזיסטירען, בלייבען די ארבייטער־אנשטאלטען דארטען, אדער גאר אן הילף, אדער, אין בעסטען פאל, אנגעוויזען אויף דעם חסד פון בירגערליכע עלעמענטען, וואס ווילען ווערען די איינציגע באלעבאטים איבער דער צעטיילונג פון די רעליף־געלדער, וואס ווערען געזאמעלט אין אמעריקע.

די צווייטע פראגע, וואס איז באהאנדעלט געווארען אויף דער קאנווענשאן, איז וועגען דעם, צי די פיפעלס רעליף קאמיטע זאל ווייטער בלייבען מיט דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. די רעזאלוציע, וואס די קאנווענשאן האט אנגענומען, לויטעט, אז די פיפעלס רעליף בלייבט ווייטער מיט'ן „דזשאינט". אונזער דעלעגאציע האט געשטימט פאר דער דאזיגער רעזאלוציע. אורזאכען פארוואס אונזער דעלעגאציע האט אזוי געשטימט זיינען דא פיל. די וויכטיגסטע אורזאכען זיינען פאלגענדע:

1) כדי צו קאנען טאן הילפס־ארבייט אין מזרח־איראפא, מוז מען האבען דערצו זייער גרויסע פאנדען, וואס די אידישע ארבייטער פון אמעריקע זיינען אליין ניט אימשטאנד צונויפצוקלייבען.

2) ווען אידישע ארבייטער־אנשטאלטען אין די פארשידענע לענדער וועלען זיך דארפען פארלאזען בלויז אויף די געלט וואס די אידישע ארבייטער אין אמעריקע וואלטען אליין געקענט אויפזאמלען, דאן וואלטען די מערסטע אנשטאלטען זיך געמוזט שליסען אוים מאנגעל אין געלט־מיטלען ווייטער פארצוזעצען די ארבייט.

3) ווען פיפעלס רעליף גייט אוועק פון „דזשאינט", וואלטען די אידישע ארבייטער פון אמעריקע מער ניט געהאט קיין מעגליכקייט אויסצואיבען אירגענד וועלכען איינפלוס אויף דער צעטיילונג פון די געלדער פון „דזשאינט", וואס זיינען געזאמעלט געווארען אין דעם 14 מיליאן דאלאר דרייוו, אין וועלכען אויך די ארבייטער־קרייזען איבער'ן גאנצען לאנד האבען זיך באטייליגט.

4) ווען די פיפעלס רעליף גייט אוועק פון „דזשאינט", און אויב עס וועט אויסקומען צו מאכען נאך אמאל א רעליף־דרייוו אין אמעריקע, וואלט דער פאקט וואס די אידישע ארבייטער באטייליגען זיך ניט אין דעם דרייוו פיל געשעדיגט דעם אלגעמיינעם דרייוו און די דזשאינט דיסט. קאמ. וואלט ניט געהאט די מיטלען אנצופירען איר ווייטערדיגע ארבייט, וועלכע איז זייער נייטיג פאר דער ארימער אידישער באפעלקערונג פון רוסלאנד, וואו דער „דזשאינט" פירט איצטער אן זייער א גרויסע הילפס־טעטיגקייט.

עס זיינען געוועזען אויך אנדערע אורזאכען, אבער דאס זיינען די הויפט־אורזאכען, פאר וועלכע אונזער גאנצע דעלעגאציע האט געשטימט פאר דעם, אז די פיפעלס רעליף קאמיטע זאל בלייבען מיט'ן „דזשאינט".

די קאנווענשאן האט זיך, נאטירליך, ניט באגנוגענט בלויז מיט דער באשטימונג און האט ארויסגעשטעלט צום „דזשאינט" איין קאנקרעטע פאדערונג, וועלכע איז פון גרויסער באדייטונג פאר דער אידישער ארבייטערשאפט אין אלע מלחמה־לענדער. די פאדערונג באשטייט אין דעם, אז אין דעם איראפעאישען קאנסול פון „דזשאינט" זאל די פיפעלס רעליף קאמיטע האבען איר אייגענעם פארטרעטער, וועמען עס זאל איבערגעגעבען ווערען א ספעציעלער דעפארטמענט, וואס דארף זארגען פאר די ווירטשאפטליכע אנשטאלטען פון די אידישע ארבייטער אין די מלחמה־לענדער; אז פאר דעם דעפארטמענט זאל באשטימט ווערען א געוויסע סומע געלט, וועלכע זאל פארווענדט ווערען פון דעם פארטרעטער פון פיפעלס רעליף אין הסכם מיט די פארטרעטער פון די אידישע ארבייטער־ארגאניזאציעס אין אלע לענדער.

עס זיינען דא גוטע אויסזיכטען, אז די „דזשאינט" זאל צושטימען צו אט דער פאדערונג פון פיפעלס רעליף קאנווענשאן. דאס וועט געבען די מעגליכקייט די אידישע ארבייטער אין די פארשידענע לענדער, אז זיי זאלען אליין ווערען די באלעבאטים איבער זייערע ווירטשאפטליכע אנשטאלטען, פונקט ווי דורך דעם אפמאך פון פיפעלס רעליף מיט דער „דזשאינט" זיינען די אידישע ארבייטער אין די מלחמה־לענדער די באלעבאטים פון זייערע קולטור־אנשטאלטען.

די דריטע וויכטיגע פראגע איז געוועזען וועגען דער ארבייט אין רוסלאנד. די גאנצע קאנווענשאן איז געווען אנגעפילט מיט דעם ענטוזיאזם פאר א גרויסער הילפס־ארבייט צווישען די אידישע מאסען אין רוסלאנד, און דער באריכט וואס איז אפגעגעבען געווארען פון די פלענער וואס די „דזשאינט" גרייט צו פאר א קאנסטרוקטיווער ארבייט אין רוסלאנד האט אנגעפילט מיט צופרידענקייט אלע דעלעגאטען. „דזשאינט" וועט אויסגעבען פאר קאנסטרוקטיווע ארבייט אין ...

לאנד נאָענט פון 2 מיליאָן דאָלאר, א חוץ די באַלדיגע הילפס־אַרבייט וואָס זי פירט דאָרטען אָן.

אין פאַרבינדונג מיט דער פראַגע איז אויך פאַרהאַנדעלט געוואָרען וועגען דער שטעלונג פון דער פיפעלס רעליף צום „אידגעזקאָם“, און די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען אַז די הילפס־אַרבייט אין רוסלאַנד דאַרף געפירט ווערען אין פאַרבינדונג מיט אַלע אידישע אַרבייטער און געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען מסוגל אָנצופירען הילפס־אַרבייט. דערמיט האָט די קאָנווענשאָן באַשלאָסען, אַז די הילפס־אַרבייט אין רוסלאַנד זאָל געפירט ווערען סיי און פאַרבינדונג מיט'ן „אידגעזקאָם“, סיי אין פאַרבינדונג מיט „אָרט“, סיי אין פאַרבינדונג מיט אַזאַ מעדיצינישער געזעלשאַפט ווי „אָזע“, און אויך אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרטרעטערשאַפט וואָס די „דזשאָינט“ האָט שוין אין רוסלאַנד.

ד קאָנווענשאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען אַ באַשלוס, אַז די אַרבייט זאָל געטאָן ווערען בלויז דורך דעם „אידגעזקאָם“, ווייל עס איז געווען שטענדיג די פאָליסי פון פיפעלס רעליף, דאָס זי פירט איר אַרבייט אין פאַרבינדונג מיט אַלע אידישע אַרבייטער־קערפּערשאַפטען אין אַלע לענדער. אַזוי ווי דער „אידגעזקאָם“ ווערט איצטער דיקטירט פון איין ריכטונג פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין רוסלאַנד, האָבען מיר ניט קיין רעכט דאָ אין אַמעריקע אָנצונעמען אַ באַשלוס, אַז בלויז ער זאָל זיין די איינציגע אַגענטור, דורך וועמען הילפס־אַרבייט זאָל געטאָן ווערען.

אויף וויפיל דער „אידגעזקאָם“ פאַרמאָגט אַנשטאַלטען, וואו עס ווערען באַזאָרגט אידישע קינדער און אידישע נויטליידענדע, — אויף אַזוי פיל דאַרף מען אין פאַרבינדונג מיט אים פירען רעליף־אַרבייט, אָבער מאַכען אים פאַר דעם איינציגען באַלעבאָס איבער אַלע אַרבייטען אין רוסלאַנד — דעם געדאַנק האָט די קאָנווענשאָן ניט אָנגענומען.

מיר האָבען אייך איבערגעגעבען אין קורצען דעם תמצית פון די באַשלוסען פון דער קאָנווענשאָן פון פיפעלס רעליף, און ווי אַזוי עס האָבען געשטימט אונזערע דעלעגאַטען. איצט וועט איר אונז ערלויבען צו זאָגען נאָך עטליכע ווערטער וועגען דער אויפגאַבע וואָס ליגט אויף יעדען ברענטש פון אונזער דעלעגאַציע באַזונדער.

די פיפעלס רעליף קאָמיטע, וואָס פאַרטרעט די גאַנצע אידישע אַרבייטערשאַפט פון אַמעריקע, וועט קענען פאַרגרעסערען איר איינפלוס אין דער גאַנצער הילפס־אַרבייט לויט דער סומע געלט וואָס די אידישע אַרבייטערשאַפט וועט זאַמלען. אויב די אידישע אַרבייטער פון אַמעריקע וועלען זאַמלען גרעסערע סומען, וועט די פיפעלס רעליף קאָמיטע קענען אויסקעמפען פאַר די אידישע אַרבייטער־אַנשטאַלטען אין אַלע מלחמה־לענדער גרעסערע סובסידיעס. אויב די אידישע אַרבייטער פון אַמעריקע וועלען אָבער קיין באַדייטענדע סומען ניט זאַמלען, מוז אָפּגעשוואַכט ווערען די גאַנצע ווירקונג פון פיפעלס רעליף אויף דער גאַנצער הילפס־אַרבייט און דורך דעם אויך ווערען געשטעלט אין געפאַר אַלע אַנשטאַלטען, פאַר וועלכע די פיפעלס רעליף קאָמיטע זאָרגט, סיי דורך דער „דזשאָינט“, סיי זעלבסטשטענדיג.

מיר קענען אייך אָבער פאַרזיכערען, אַז אונזער אָרגאַניזאַציע מעג שטאָלצירען דערמיט, וואָס זי איז געוועזען די גאַנצע צייט אַ טייל פון פיפעלס רעליף, ווייל די אַרבייט, וואָס פיפעלס רעליף האָט ביז איצטער אויפגעטאָן, איז געוועזען פון דער גרעסטער היסטאָרישער באַדייטונג פאַר דער אידישער אַרבייטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט.

מיר טאָרען זיך אָבער ניט באַגנוגענען בלויז מיט דעם וואָס מיר האָבען שוין געטאָן. פאָדערען מיר אויף אַלע אונזערע ברענטשעס, זיי זאָלען זיך באַטייליגען אין דער ווייטערדיגער אַרבייט פון פיפעלס רעליף.

קאָנקרעט דאַרף יעדער ברענטש אונזערע טאָן פאָלגענדעס:

1) אויב עס איז דאָ אין שטאָט אַ ברענטש פון פיפעלס רעליף, זיך גלייך אָן אים אָנשליסען.

2) אויב עס איז ניטאָ אין שטאָט קיין ברענטש פון פיפעלס רעליף, דאַרף דער ברענטש נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע צוזאַמענצורופען די אַנדערע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און אַזאַ ברענטש גרינדען.

3) צוגרייטען זיך צו דעם גרויסען געצייג־קאַמפּיין, וואָס די פיפעלס רעליף קאָמיטע וועט דורכפירען אין חודש דעצעמבער.

4) זיין גרייט צו העלפען דער פיפעלס רעליף אין דעם ספּעציעלען קאַמפּיין פאַר די אידישע שולען אין אַלע מלחמה־לענדער, וואָס וועט דורכגעפירט ווערען אין מערץ אָדער אַפּריל.

מיר בעטען אונזערע סעקרעטאַרען איבערצולעזען דעם גאַנצען צירקולאַר ביים מיטינג פון ברענטש, און מיר זיינען זיכער, אַז אַלע אונזערע ברענטשעס וועלען אויך ווייטער, ווי ביז איצטער, מיטהעלפען אין דער גרויסער הילפס־אַרבייט, וואָס די פיפעלס רעליף קאָמיטע פירט אָן פאַר די לעצטע 7 יאָר.

מיר וועלען נאָך צוגעבען, אַז זייענדיג אָנגעשלאָסען אָן דער פיפעלס רעליף האָט דאָך דער א. ר. איבערגעלאָזען פאַר זיך געוויסע רעכטען און אין פאַל פון אַ ספּעציעלער נויטווענדיגקייט אָנפירען אַ זעלבסטשטענדיגע טעטיגקייט אויפ'ן געביט פון רעליף, אויב די אומשטענדען וועלען עס פאָדערען.

מיט פריינדליכען גרוס,

נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע, אַרב. רינג.

י. באַסקין, גענעראַל סעקרעטער.

## נוואַרקער דיסטריקט קאָנפערענץ

די נוואַרקער דיסטריקט קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען זונטאָג דעם 10טען סעפּטעמבער. פר. ליען פון בר. 256 ווערט ערוויילט אַלס טשערמאַן און פר. א. העק פון בר. 107 — אַלס סעקרעטער.

עס זיינען פאַרטראָטען 19 ברענטשעס מיט 27 דעלעגאַטען.

דער סעקרעטער פון דער דיסטריקט קאָמיטע, פר. פרידמאַן, גיט אָפּ אַ באַריכט פון זייער טעטיגקייט, און וועלכען ער ערקלערט, אַז די קאָמיטע האָט באַזוכט 79 ברענטש־מיטינגען און אונטערזוכט ביכער ביי 4 ברענטשעס, געשליכטעט פיל מיספאַרשטענדנישען, גענומען אַן אַנטייל אין אַלע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען, וואו דער אַ. ר. האָט געדאַרפט לאָזען הערען זיין שטימע, געהאָלפען דעם האָספּיטאַל־דרייוו, דעם הונגער־דרייוו פאַר רוסלאַנד א. אַז. וו.

עס ווערען געשטעלט איניגע פראַגען, וועלכע ווערען פאַרענטפערט פון פר. סלאַווין, דער טשערמאַן פון דער דיסטריקט קאָמיטע. דער באַריכט ווערט דאַן גוטגעהייסען און די קאָמיטע באַדאַנקט.

פר. ראָבערטס, וועלכער פאַרטרעט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, גיט אַן איבערבליק איבער די לעצטע געשעענישען אין אונזער אָרדען און ער באַמערקט אויך, אַז מיר וועלען זיך מוזען זייער אָנשטרענגען אין דעם קומענדען יאָר אָנצוהאַלטען די אַלע פּאָזיציעס, וואָס דער אַ. ר. האָט אין די לעצטע יאָרען געוואונען. ער באַמערקט אויך, אַז אין די נעקסטע צוויי מאָנאַטען וועט מען מוזען אויסשטאַטען דעם האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד. פר ראָבערטס רעדע ווערט אויפגענומען פון אַלע דעלעגאַטען מיט באַגייסטערונג.

עס ווערט דאַן אָנגענומען אַ פאָרשלאַג צו אינדאָרסירען דעם דרייוו און רעפערענדום פאַר דעם „האַיאַס“.

אַ 11־ער קאָמיטע ווערט ערוויילט פאַר דעם נעקסטען יאָר פון די פאָלגענדע פריינד: ליען. העק, אַלפּערט, פּאָלאַק, אוירבאַך, קאַלטאַן, קאַפּלאַן, היימאַן, שטייגער, ראַבינאָוויטש און פרידמאַן.

ווי עס איז צו זען פון דער צוזאַמענשטעלונג פון דער קאָמיטע, מעג די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָפען, אַז זי וועט טאָן נוצליכע און גוטע אַ. ר. אַרבייט. דערמיט שליסט זיך די קאָנפערענץ.

א. העק, סעקרעטער.

---

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST 24, 1912, of The Friend, published monthly at Passaic, N. J., for October 1, 1922.

State of New York, County of New York, ss.

Before me, a Commissioner of Deeds in and for the State and county aforesaid, personally appeared I. B. Bailin, who, having been duly sworn according to law, deposes and says that he is the Managing Editor of The Friend and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, embodied in section 443, Postal Laws and Regulations, to wit:-

1. That the names and addresses of the publisher, managing editor, and business managers are: Publisher, The Workmen's Circle, 175 E. Broadway, N. Y. C. Editor, I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. Managing Editor, I. B. Bailin, 175 E. Broadway, N. Y. C. Business Manager, Joseph Baskin, 175 E. Broadway, N. Y. C.

2. That the owner is: The Workmen's Circle, a fraternal benefit society. No Stockholders.

3. That there are no bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities.

4. That the two paragraphs next above, giving names of the owners, stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder or security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association, or corporation has any interest direct or indirect in the said stock, bonds or other securities than as so stated by him.

I. B. BAILIN.

Sworn to and subscribed before me this 18th day of October 1922.

JULIUS EPSTEIN.

(My commission expires Jan. 18, 1922.)




## אינהאלט.



**THE FRIEND**

Official Organ of the Workmen's Circle

DECEMBER, 1922

**דער פריינד**

אָפיציעלער אָרגאַן פון ארבעטער־רינג

דעצעמבער, 1922

# THE FRIEND

**OFFICIAL ORGAN OF THE WORKMEN'S CIRCLE**

**Published Monthly**

R. GUSKIN, National Chairman
J. ROBERTS, National Vice-Chairman
J. BASKIN, General Secretary

M. EVENSKY, Secretary Notional Board of Directors
P. GELIEBTER, Recording Secretary
L. ROTHMAN, Treasurer

I. B. BAILIN, Managing Editor

Office of Publication:
331 Pennington Ave., Passaic, N. J.
General Office:
175 East Broadway, New York City.

Subscription Rates:
Per Annum, 50 cts. Six Months, 25 cts
Single Copy, 5 cts.

Entered as second class matter April 21, 1911, at the Post Office at Passaic, N. J.

# THE FRIEND



# דער פריינד

VOL. XIII DECEMBER, 1922. NO. 12.


## פון מאָנאַט צו מאָנאַט

**אַ מסירה לשם פּרינציפּ**

מיר ווייסען, אַז אין נאָמען פון פּרינציפּ זיינען באַגאַנגען געוואָרען פיל גוואַלדטאַטען. יעדער פּרינציפּ פּאָדערט אָפּער, יעדע רעוואָלוציע פּאָדערט בלוט־פאַרגיסונג, אָבער דעם אָפּער ברענגען די, וועלכע קעמפען פאַר דעם פּרינציפּ און זיינען גרייט אָפּצוגעבען זייער לעבען פאַר זייער אידעאַל. אַלע רעוואָלוציעס זיינען רייך מיט נאָבעלע טאַטען פון איידעלע קעמפער. רוסלאַנדס ערד איז דורכגעווייקט מיט דעם בלוט און מאַרך פון אירע העלדישע רעוואָלוציאָנערען. אין נאָמען פון רעוואָלוציע מוז מען זיך אַמאָל מאַסקירען. מען מוז זאָגאַר אַמאָל באַהאַלטען דעם אמת, אָבער אַז מען זאָל אין נאָמען פון פּרינציפּ באַגיין אַן עקעלהאַפטע מסירה, אַ מסירה אויף אַ געגנער, — וועגען דעם האָבען מיר נאָך ניט געהערט. דאָס איז נאָך אין ערגעץ ניט באַגאַנגען געוואָרען און מען האָט גערארפט וואַרטען ביז דעם מאָמענט, ווען אונזער חטאים־זוכער אין דעם א. ר. זאָלען פּראָקלאַמירען אָט דעם העכסטען מאָראַל, פון וועלכען קיינער האָט נאָך ניט געהערט, — אַז ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַטאַקירען די עקזעקוטיווע, איז מסירה אויך אַ וואַפען.

ביי אַ מיטינג אין ניו־יאָרק פון דער זאָגענאַנטער לינקער אַקציאָנס־קאָמיטע אין א. ר. האָט מען באַשלאָסען צו שיקען אַ טעלעגראַמע צו דער רוסישער רעגירונג, אַז מיט דעם וואָס די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע פון דעם א. ר. שיקט אַ דעלעגאַציע קיין רוסלאַנד, דריקט זי אויס אַן אומצוטרוי צו דער רוסישער רעגירונג, זי גלויבט איר ניט, און אַז פריינד גוסקין און וויינבערג זיינען שונאים פון רוסלאַנד. אין אַנדערע ווערטער, מען גיט אַ קאַפּולער אָנצוהערעניש, אַז זיי זיינען שונאים פון רוסלאַנד און דאַרפען אין רוסלאַנד ניט אַריינגעלאָזען ווערען. מען געפינט ניט זאָגאַר פאַר נייטיג אָנצוצייגען מיט וואָס האָט דאָס גוסקין און וויינבערג אַרויסגעצייגט זייער פיינדשאַפט צו רוסלאַנד. וואו און ווען האָבען זיי אויסגעדריקט זייער אומצוטרוי צו דער רוסישער רעגירונג? ביי וועלכער געלעגענהייט האָט די נאַצ. עקז. קאָמיטע פון א. ר. געהאַנדעלט ווי אַ שונא פון רוסלאַנד? האָט דען ניט די רוסישע רעגירונג אַליין אָנערקענט די גרויסע פאַרדינסטען, וואָס דער א. ר., דורך איר עקזעקוטיווע, האָט געלייסטעט דעם רוסישען הונגעריגען פאָלק? האָט זי דען ניט אַלס אָנערקענונג פאַר אָט די טאַטען געגעבען דעם נאָמען פון א. ר. צו איינע פון די האָספּיטאַלס אין דער וואָלגאַ געגענט? האָט דען ניט די עקזעקוטיווע און די גאַנצע מאַשינעריע פון דעם גענעראַל־אָפיס געאַרבייט אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרען מיט זייערע גאַנצע כחות צו שאַפען וואָס מערערע געלט־מיטלען פאַר די אַלע ליידענדע אין רוסלאַנד, אידען און קריסטען גלייך? איז דען דאָס אַ פאַרברעכען, אנז דען דאָס אַן אויסדרוק פון אומצוטרוי צו דער רוסישער רעגירונג, ווען די עקזעקוטיווע פון דעם א. ר. וויל דירעקט דורך אירע איינענע שליחים איבערגעבען דעם רוסישען פאָלק אַ מתנה, וועלכע די מיטגלידער פון דעם א. ר. האָבען פאַר איר באַשטימט? קען דען איין מענש, וועמענס מאַרך איז ניט פאַרדאָרבען און וועמעס אויגען זיינען ניט פאַרבלענדט פון פּאַרטייאישקייט, איינזען אין דעם אַקט אַ פיינדליכע באַציאונג צו דער סאָוויעטען־מאַכט? געוויס ניט. געוויס וועט דאָס קיין ערליכער מענש, קיין אויפריכטיגער מיטגליד פון דעם א. ר. ניט איינזען. אָבער ווען מען דאַרף שלאָגען קאַפּיטאַל פאַר אייגענע פּאַרטיי־נוצען, ווען מען דאַרף אַטאַקירען אַן עקזעקוטיווע, וועלכע איז זיי ניט צום האַרצען, דאַן זיינען אַלע מיטלען גוט, און מען שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר איינע פון די עקעלהאַפסטע און שוידערליכסטע מיטלען, וואָס איז דאָ — מען באַנוצט דעם וואַפען פון מסירה אויף אייגענע מיטגלידער. דאָס הייסט פּרינציפּ. אָט דאָס הייסט שאַפען אַ ריינע אַטמאָספערע אין אונזער א. ר. די מיטגלידער פון דעם א. ר., צו וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי זאָלען ניט באַלאַנגען, וועלען אַליין אָפּשאַצען דעם טאַט און וועלען איינזען אויף ווי ווייט אָט די חטאים־זוכער ווילען באמת רייניגען און שיין מאַכען אונזער א. ר.

* * *

**פינף יאָר רוסישע רעוואָלוציע**

אין די לעצטע פינף יאָר זיינען פאָרגעקומען גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונגען. די פאַרענדיגונג פון דער גרעסטער און בלוטיגסטער וועלט־מלחמה; די פּאָליטישע רעוואָלוציעס אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן; די גרינדונג פון די נייע רעפּובליקען אין פּוילען, טשעכאָ־סלאָוואַקיע און אַרום באַלטישען ים; די אויפשטאַנדען אין אונגאַרן, דייטשלאַנד, איטאַליע און דרום־אַפריקע; דער פינאַנציעלער קראַך פון אַלטע איינגעפונדעטע מלוכות; אַ היבשע צאָל גרויסע רעוואָלוציאָנירענדע ערפינדונגען אין טעכניק און וויסענשאַפט. אָבער די גרויסע רוסישע סאָציאַלע רעוואָלוציע פאַרמונקעלט זיי אַלעמען.

צי מ'קוקט אויף דער ריזיגער ערשיינונג מיט די אויגען פון אַן־עקסטרעמען קאָמוניסט, צי מ'קוקט אויף איר דורך די בלאַסע שפּאַקולען פון אַ געוויינליכען ליבעראַל, צי גאָר דורך די טונקעלע שפּאַקולען פון דעם רעאַקציאָנער, אָדער קאָנסערוואַטאָר, ערשיינט די רוסישע סאָציאַלע רעוואָלוציע, אַלס די גרעסטע היסטאָרישע פּאַסירונג אין אַלע צייטען און אין אַלע לענדער.

ווייל זי איז די גרעסטע פּאַסירונג ביי מענשען, וואָס מיר ווייסען נאָר, ניט נאָר לויט איר אומפאַנג און דיסטאַנץ, אַרומכאַפּענדיג כמעט אַ פינפט־חלק פון דער באַוואוינטער יבשה, נאָר אויך לויט איר אינהאַלט, לויט איר אָטעם־פאַרכאַפּענדען שפּרונג און לויט די שרעקען און האָפענונגען, וואָס זי האָט פאַרשפּרייט.

אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט מלוכות, וואָס זיינען גרייט צו פאַרטיידיגען די יסודות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג ביז זייער לעצטען שאָס פּולווער, שטייט נאָך אַלץ די סאָוויעטען־רעגירונג, ווי אַן אינזעל אין מיטען ים, גרייט צו העלפען אַלע אויסגערעכענטע פאַרזוכען צו באַקעמפען די אַלטע אָרדענונג. דאָס פילען אַלע באַוואוסטזיניגע אַרבייטער אין דער וועלט. דאָס פאַרשטייען אַלע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויפ'ן שטאַנדפּונקט פון קלאַסען־קאַמף. די פאָדערונג פאַר אָנערקענונג פון דער סאָוויעטען־רעגירונג אין רוס־

לאנד איז געקומען פון אלע פּראָגרעסיווע ארבייטער־קערפּערשאפטען, אין אלע וועלט־טיילען.

די פאָדערונג איז, פארשטייט זיך, אויך געקומען פון ארבייטער־רינג. זי איז אָנגענומען געוואָרען א י נ ש ט י מ י ג אויף דער לעצטער קאָנווענשאָן אין טאָראָנטא. מיט די ווייטערדיגע אנטוויקלונגען פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד איז, אָן ספק, פארבונדען און פארקניפּט דער גורל פון דער באפרייאונג פון דעם ארבייטער־קלאס אין דער גאנצער וועלט, פון וועלכען דער ארבייטער־רינג איז אַן אָנגעזעענער טייל.

מיר זיינען גליקליך, וואָס אונזערע גערוסען און ברידערליכע וואונשען צו דער רוסישער סאָוויעט־רעגירונג, צו איר פינף־יעריגען יובילעאום, ווערען אויך באגלייט מיט ממשות'דיגער הילף, מיט דעם באשיידענעם אָבער פאסענדען בייטראָג, וואָס אונזער אָרדען גיט — דעם האָספּיטאל אין האָמעל.

מיר זיינען זיכער, אז אונזערע ברענטשעס וועלען איצט פארטאָפּלען זייערע אָנשטרענגונגען און גלייך ארייןשיקען זייערע ווייטערדיגע בייטראגען צו דעם מאָנומענט, וואָס דער א. ר. שטעלט אין האָמעל, אלס אויסדרוק פון סימפּאטיע און ברידערליכע הילף צו דער ערשטער ארבייטער־רעגירונג אויף דער ערד.

* * *

**צו ממשות'דיגער ארבייט!**

דער אלטער יאָר רוקט זיך שוין ביסלאכווייז אָפּ און א נייער גרייט זיך צו פארנעמען זיין פלאץ. דער סך־הכל ארבייט אין א. ר. פאר'ן פארגאנגענעם יאָר וועט געגעבען ווערען אין דעם קומענדיגען נומער „פריינד" פון דעם גענעראל־סעקרעטאר פון אונזער אָרדען. אָבער וואָס דער סך־הכל זאָל ניט זיין, מוזען מיר זיך גלייך נעמען אויפצולעבען אונזערע ברענטשעס און אָנפילען אלע ווינקעלאך פון דעם לאנד מיט אונזער אקטיוויטעט.

גענוג געשלאָפען! גענוג אָפּגעריסען געוועזן דורכ'ן גאנצען זומער פון אייער ברענטש און פון אלע א. ר. טעטיגקייטען. עס זיינען איצט נישטאָ קיין אורזאכען פארוואָס איר זאָלט ניט ווי א טרייער סאָלדאט, שטעלען זיך אין דער רייע און הייבען דעם איינפלוס פון אייער ברענטש אויף אלע געביטען פון זיין ארבייט. יעדער איינציגער פון אונז, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן א. ר., האָט דאָך געוואוסט פריער, אז צוזאמען מיט זיינע רעכטען, בענעפיטען און פּריווילעגיעס, וואָס ער וועט קריגען אין אונזער אָרדען, פאלען אויך אויף אים געוויסע פ ל י כ ט ע ן. אָט די פליכטען באגרעניצען זיך ניט מיט דעם צאָלען רעגעלער דעם ביל, אָדער מיט באזוכען איינמאָל אין א יובל א ברענטש־מיטינג. די פליכטען זיינען ברייטערע. יעדער מיטגליד פון א. ר. איז פ א ר פ ל י כ ט ע ט צו העלפען דער גענעראל־עקזעקוטיווע אין אלע אירע אונטערגענומענע ארבייטען פאר דער פארשטארקונג פון אונזער אָרגאניזאציע.

די נאצ. עקזעקוטיוו פירט איצט אָן איבער'ן גאנצען לאנד א קאמפּיין פאר הונדערט טויזענט מיטגלידער אין א. ר. — אויף אייך ליגט א פ ל י כ ט איר צו העלפען אין דעם. זי שטרענגט זיך אָן צו פארגרעסערען די פאָנדען פון די פארשידענע הילפס־אונטערנעמונגען פאר'ן אידישען רעליף, פאר'ן „האיאס", פאר די הונגעריגע אין רוסלאנד, פאר דעם א. ר. האָספּיטאל אין סאָוויעט־רוסלאנד — אָן אייך וועט זי קיין איינע פון די צילען ניט קענען ווי געהעריג דורכפירען. איר זייט א באשטאנד־טייל פון דער אָרגאניזאציע. איר קענט זיך מאכען אזוי וויכטיג, אזוי נוצליך און אזוי פילבאר אין אונזער טעטיגקייט, ווי וועלכער עס איז אנדער מיטגליד פון אונז. די פליכט וואָס ליגט אויף אייך איז ניט קיין משא, וואָס אייך זאָל זיין שווער צו טראָגען. עס איז סוף־כל־סוף א פארגעניגען, און א תענוג פון העכערען און איידעלערען סאָרט, צו פילען, אז דאָס איז ניט קיין קאזארמע־פליכט, נאָר אליין אויף זיך פרייוויליג־אָן־ארויפגענומענע. א פליכט, וואָס איז אין זיך אליין א פּריווילעגיע — צו זיין איינער פון די בויער, פון די וואָס האָבען ארייינגעלייגט אַן א מ ת'ן ח ל ק אין דער אָרגאניזאציע, ניט נאָר אין דער פאָרמע פון דיוס, נאָר אויך אין דער פאָרמע פון הארציגער איבערגעבענקייט, פון א שטיק נשמה און פון לייב און לעבען.

דאָס א י ז א פּריווילעגיע. ניט יעדערער קען מיט שטאָלץ אָנצייגען: „דאָס איז מעשי־ידי להתפאר!" די וואָס זיינען געלעגען אונטער'ן אויווען אין דער צייט ווען אנדערע האָבען מיט מיה און שוויים געבויט, קענען דאָס ניט זאָגען. זיי דארפען זיך שעמען, ווען עס קומט אויס אונטערצופירען א סך־הכל פון ארבייט, סיי ביי זיך אין ברענטש און סיי אין די אלגעמיינע ארבייטען פון דעם א. ר.

צו ממשות'דיגער ארבייט! זאָל דאָס ווערען דער רוף פון יעדען ברענטש אין דעם רינג. זאָל דאָס ווערען דער רוף צו יעדען איינציגען מיטגליד אין אונזער אָרדען. דעם רוף מוזען א ל ע הערען. ער מוז ארויסגעשאלט ווערען אונטער יעדערענס אויער. עס מוז געבראכט ווערען אין אלע הונדערטער ארבייטער־רינג געצעלטען איבער'ן לאנד, באזאָרגט זיך גלייך מיט קאנדידאטען, וועמען איר וועט באארבייטען דורך די קומענדיגע וואָכען און חדשים, אז זיי זאָלען ווערען מיטגלידער אין א. ר. איר דארפט זיי ווייט ניט זוכען. אין די צענדליגער זיינען זיי פאראַן ארום אונז. אין דעם הויז, וואו מיר וואוינען, אין דעם שאָפּ, אָדער אין דער סטאָר, וואו מיר ארבייטען, צווישען אונזערע פאמיליעס, אין דעם קרייז פון אונזערע באקאנטע. אויב זיי זיינען נאָר ווערט, מוזען זיי דורך אונז ארייינגעבראכט ווערען אין אונזערע רייען.

צו ממשות'דיגער ארבייט!

* * *

**אונזערע קינדער געהערען צו די א. ר. שולען.**

אונזערע א. ר. קינדער־שולען זיינען ניט געבויט געוואָרען פאר די קינדער פון די רייכע און זאטע. זיי האָבען זייערע א י י ג ע נ ע שולען. זיי האָבען זייערע אייגענע פּראָגראמען. זיי האָבען זייערע אייגענע טענדענצען. אזעלכע וואָס פאסען זיך צו ז י י ע ר אנשויאונג, צו זייערע געשמאקען און צו ז י י ע ר ע אינטערעסען. אונזערע א. ר. שולען זיינען ניט געבויט געוואָרען פאר די, וואָס ווילען יוצא זיין פאר א פרומער שוויגער, אָדער פאר'ן מלאך־דומה אין הונדערט און צוואנציג יאָר ארום. אונזערע שולען זיינען אויפגעבויט געוואָרען פאר א ו נ ז ע ר ע ק י נ ד ע ר. זיי זיינען דער ציל. זייער ע ר צ י א ו נ ג איז אונזער פּראָבלעם. זייער נאָרמאלע אנטוויקלונג איז אונזער אויפגאבע. און אָן אויפגאבע א שווערע און א הייליגע, א דרינגענדע און אזא, וואָס דאַרף פאָדערען אונזער פולע אויפמערקזאמקייט.

געדענקט איר יענע קללה אין דער תוכחה, וואָס האָט זיך

(שלום אויף זייט 25)

# אַרבייטער-רינג כאָרען

פון י. ב. ביילין

עס איז שווער צו געפינען אַ פראַזע, וואָס זאָל אזוי פיל מאָל פאַראַפראַזירט ווערען, ווי קארדינאַל רישעליעס באַוואוסטע פראַזע וועגען ערציאונג: „גיב מיר איבער די קינדער־שולען פון דעם לאַנד און מיר ארט זיך ניט ווער עס וועט דעמאָלט מאַכען זיינע געזעצען“. די פאַראַפראַזירונג איז שוין אָנגעווענדט געוואָרען אויף פאַרשידענע אופנים. אָבער דוכט זיך, אויף קיין איין זאַך ניט אזוי געלונגען, ווי אין באַצוג צו געזאַנג. אַט ווי עס קלינגט: „לאָז מיר מאַכען די לידער פון לאַנד און מיך ארט ניט ווער עס וועט מאַכען זיינע געזעצען“.

און עס איז גאַנץ פאַרשטענדליך פאַרוואָס: דורך די לידער ווערט באַאיינפלוסט דאָס געפיל; דורך די לידער ווערט געשאַפען אַ שטימונג. דאָס געפיל און די שטימונג קריגען ניט איינמאָל די אויבערהאַנט איבער דעם פאַרשטאַנד, — ביי שוואַכערע מענשען מענשען מערער, ביי שטאַרקערע ווייניגער. דאָס איז ווען עס רעדט זיך וועגען יחידים. די מאַסע, אָבער, איז, אין אַ געוויסען זין, שטענדיג אַ „שוואַכע“. וואַרפט אַהין אריין אַ פונק, און זאָל נאָר זיין אַ גינסטיגער באָדען, וועט שוין ווערען אַ שרפה. זאָל אָנהייבען ארומצובלאָנדזשען אַ באַקאַנטער ניגון צווישען אַ פאַרזאַמעלטען ברייטען עולם און די גאַנצע מאַסע ווערט ווי צונויפגעגאָסען אין איין שטיק. עס וועבט זיך ביי איר אוים אַן איינהייטליכער געפיל, עס פאָרמירט זיך אַן איינהייטליכער פאַרלאַנג און פון פאַרלאַנג צו טאַט איז שוין ניט קיין צו ווייטער מהלך.

די אָרגאַניזירטע אַרבייטער־באַוועגונג איז ניט פאַראינטערעסירט, אַז דאָס געפיל זאָל נעמען די אויבערהאַנט איבער'ן פאַרשטאַנד. אין דעם זיינען פאַראינטערעסירט די קלאַסען, וואָס האָבען די מאַכט. אין דעם זיינען פאַראינטערעסירט די, וואָס ווילען אויף ווייטער אָנהאַלטען די מאַכט. זיי זעען מיט אַלע כחות, אַז די מאַסע זאָל קיינמאָל ניט קומען צו איר פאַרשטאַנד. זיי זאָרגען זיך דערפאַר, אַז די מאַסע זאָל ווערען באַהערשט פון פאַרפעלשטע פאַטריאָטישע און געקינסטעלטע געפילען. פאַרקערט, די אָרגאַניזירטע־אַרבייטערשאַפט איז פאַראינטערעסירט צו וועקען דעם נאַטירליכען געפיל פון דעם אַרבייטער זי איז פאַראינטערעסירט אין לייטערן אים, אין פאַרפיינערען אים און באַזייטיגען פון אים אַלע פאַרפעלשונגען. זי איז פאַראינטערעסירט, אַז ער זאָל זיך אַנטוויקלען אין א י י נ ק ל אַ נ ג מיט זיין פאַרשטאַנד און ניט געגען אים.

די אַרבייטער קונסט־פאַראיינען שטעלען זיך דעם ציל, צי דאָס איז אַ געזאַנגס־פאַראיין, צי אַן אָרקעסטער, צי אַ דראַמאַטישע גרופע — זייער ציל איז צו ה י י ב ע ן דעם קולטורעלען מצב פון דעם אַרבייטער, באַרייכערען אים מיט געדאַנקען און געפילען און צוגרייטען אים גלייכצייטיג צו זיין היסטאָרישער אויפגאַבע, צו באַפרייען די וועלט פון אַלע אירע קייטען — עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, אזוי גוט ווי קולטורעלע.

אָבער די וויכטיגסטע פון די אויבען־דערמאָנטע קונסט־פאַראיינען איז דער געזאַנגס־פאַראיין — דער כאָר. שפּילען אויף אַן אינסטרומענט קען ביי אונז איינער אפשר פון 10 טויזענט; שפּילען אויף דער בינע — נאָך ווייניגער. אָבער ווער פון אונז ברומט זיך ניט אונטער קיין לידעל אָדער מעלאָדיע ביי דער אָדער יענער געלעגענהייט? ווער פון אונז פּרואווט זיך דאָס ניט אַמאָל איבערשרייבען אַ ליד, וואָס ווערט געזונגען פון אַ צווייטען? ווער פון אונז פאַרפאָלגט ניט צייטענווייז דער אָדער יענער מאָטיוו, און מיר קענען ניט רוען ביז מיר דערמאָנען זיך אים און פאַרזוכען אים איבערצוזינגען? עס איז זעלטען צו געפינען אַ מענש, וואָס זאָל, מער אָדער ווייניגער, ניט באַוועגט ווערען דורך געזאַנג צו דער אָדער יענער עמאָציע, אָדער צו אַ געוויסען געמיט־צושטאַנד. ניט זעלטען וועקט אויך אויף אין אונז געזאַנג; און מוזיק אין אַלגעמיין, אַ געדאַנק, און אָפט אַ פיינעם געדאַנק, וואָס האָט אין אונז געדרעמעלט אַ לאַנגע צייט און ניט געפונען קיין קלאָרען אויסדרוק.

די אַרבייטער געזאַנגס־פאַראיינען פאַרשפּרייטען אין די מאַסען, דורך זייערע קאָנצערטען, אַ רייע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־לידער, הייבען זייער קאַמפּס־לוסט, וועקען זיי צו טעטיגקייט און צו אַ בעסערען און שענערען לעבען.

וואָס ווייטער, ברייטער און טיפער דאָס אַרבייטער־ליד וועט אַריינדרינגען אין די אַרבייטער־געצעלטען, אויף די מיטינגען און אין די שעפּער, אַלץ מערער פאַרפעסטיגען מיר אונזערע אַרבייטער־פּאָזיציעס, ניט נאָר אויף דעם קולטורעלען באָדען, נאָר אויך אויף דעם פּאַקטישען קאַמפּס־פּלאַץ, וואו עס קומט אונז אוים צו מעסטען די כחות מיט דער הערשענדער אָרדענונג.

די פּראָבען, וואָס זיינען ביז אַהער געמאַכט געוואָרען, אין איניגע גרעסערע שטעט פון די אַ. ר. בראַנטשעס, צו אָרגאַניזירען אַ. ר. כאָרען, האָבען זיך צום גרעסטען טייל גוט איינגעגעבען. עס זיינען ביי אונז פאַראַן כאָרען, וואָס עקזיסטירען שוין אַן אונטערברעכונג 7־8 יאָר. די איניגע אומגעלונגענע פּראָבעס שטרייכען נאָר אונטער, אַז צו אַזאַ אינסטיטוציע איז נייטיג אַ סך ליבע און איבערגעבענהייט, אַ סך אָנשטרענגונגען און קרבנות. אָבער וועלכע וויכטיגע אַרבייטער־אינסטיטוציעס זיינען דאָס אויפגעבויט געוואָרען אָן קרבנות? יעדער ציגעל פון זייערע פונדאַמענטען איז דורכגעווייקט מיט דעם שווייס און בלוט פון די בויער. יעדער פּיצעל וואַפּנע איז דורכגעשטראַלט מיט אידעאַליזם און ליבע.

די שטעט, וואָס האָבען אייגענע אַ. ר. כאָרען, האָבען אַ לעבעדיגערע באַוועגונג. מצוה גוררת מצוה. איין אַקטיוויטעט פאַראורזאַכט אַ צווייטע. די אונטערנעמונגען, וואָס ווערען דאָרט דורכגעפירט, גלאַנצען מיט אַ באַזונדערען חן. זיי ווערען דורכגעפירט מיט אייגענע קרעפטען. זיי זיינען דערפאַר ליבער און טייערער און דערפאַר האָבען זיי גרעסערע מעגליכקייטען אויף ערפאָלג.

די אַ. ר. כאָרען בלייבען ניט קיין אָפּגעריסענע און הילפלאָזע אברים. זיי זיינען פאַרבונדען מיט דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון אַ. ר. ניט נאָר קריגען זיי אַ סובסידיע, אמת ניט קיין גרויסע, נאָר אויך די פולע מאָראַלע שטיצע פון דעם נאַציאָנאַלען בילדונגס־קאָמיטעט. די פאַראייניגונג, וואָס איז לעצטענס פאָרגעקומען צווישען די אַ. ר. כאָרען פון ניו־יאָרק, פּעטערסאָן און נואַרק, זאָגט צו צו עפענען נייע, ברייטערע האָריזאָנטען. אַן אַרויסטריט פון אַזאַ ריזען־כאָר פון ארום 200 זינגער וועט מוזען ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם ברייטען אַ. ר. עולם צו דער וויכטיגקייט פון אַזעלכע שיינע אינסטיטוציעס.

# די פאַרענדיגטע סטרייקס

פון א. ש. זאַקס

(ענד פון לעצטען נומער)

בשעת'ן סטרייק, און איצט נאָכ'ן סטרייק, האָבען די ריילראָוד־מאַגנאַטען מער פון אלץ זיך געשראָקען פאר א פאראייניגונג פון אלע ריילראָוד יוניאָנס. אן אינדוסטריעלער פארבאנד פון אלע אייזענבאַן־ארבייטער איז פאר זיי זייער געפערליך. דער הויפּט־מאַניעוור איז באַשטאַנען אין דעם, ווי אזוי צו ברעכען די יוניאָנס בכלל, און אויב דאָס איז אוממעגליך, טאָ לכל הפחות זיי פאַנאַנדערצוטיילען און ניט דערלאָזען זיי זיך פארשמעלצען אין איין אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבען זיך געצילעוועט אין דער פאראייניגטער מאַכט פון די ארבייטער. אָפּשוואַכען די פאראייניגטע כחות, שפּאַלטען דעם פאראייניגטען פראָנט איז געווען זייער הויפּט־צוועק.

דאָס האָט זיי זיך אויך איינגעגעבען.

מר. דזש. וו. ליע, פּרעזידענט פון דער ריילראָוד טריינמען, האָט אָט די טעג דערקלערט אין קליוולאַנד, אז „זיינע לייט וועלען זיך ניט פארבונדען מיט די אנדערע בראָדערהודס אין זייערע פאָדערונגען.“ „איך גלויב, —. האָט מיט גרויס וויכטיגקייט דערקלערט מר. ליע, — עס וועט מיר זיין לייכטער „מיין“ אָרגאַניזאַציע צו פירען, מער פאר „מיינע“ לייט אויסצווירקען, ווען איך וועל זיך ניט פאראייניגען מיט די אנדערע אָרגאַניזאַציעס אין די פאָדערונגען בנוגע די שכירות און אנדערע ארבייטס־באַדינגונגען“.

מיט דער דאָזיגער דערקלערונג האָט מר. ליע אָפּגעגעבען צוריק די תנאים און אָפּגעלאָזען דעם שדוך, וואָס איז געווען זינט איניגע יאָר געשלאָסען צווישען די „בראָדערהודס“ פון די ריילראָוד ארבייטער. עס פארשטייט זיך, אז די דאָזיגע דערקלערונג האָט מר. ליע אָפּגעגעבען אום נושא חן צו זיין ביי די ריילראָוד דירעקטאָרען, וועלכע זיינען שוין דאָס לאַנג אויסען געווען. זיי וועלען געוויס דאַנקבאַר זיין דעם פירער פון די טריינמען און וועלען, קען זיין, פון יוצא וועגען, אויך צוּוואַרפען א ברעקעל צו דער „בראָדערהוד“, וואָס האָט אזוי חוצפה'דיג געוואָרפען דעם גט אין פנים צו אלע די, וועלכע זיינען מיט אים געווען פאראייניגט אין קאַמף! מען קען דאָך קיין חזיר ניט זיין. מען מוז דאָך פאָרט ארויסווייזען, אז מען איז דזשענטעללייט. אָבער פאר די צוגעוואָרפענע ברעקלאַך וועט די ארבייטער אויסקומען טייער צו באַצאָלען. דערמיט וואָס די טריינמען זאָגען זיך אָפּ פון א פאראייניגונג מיט די אנדערע אייזענבאַן־ארבייטער ווערט אָפּגעשוואַכט זייער כח, וואָס זיי קענען ארויסווייזען דורך סטרייקס. דאָס איז טאַקע אויך ליע'ס כונה. זיין אבזיכט איז צו מאַכען אן ענד צו די סטרייקס, וואָס פארשאַפען אזוי פיל קאָפּדרייעניש די מאַגנאַטען און זייערע משרתים. בעטלען העכערע שכירות און אנדערע אויסבעסערונגען איז ניט אזוי געפערליך פאר די מאַגנאַטען. מען דינגט זיך אביסעל ביז מען ווערט משוה, ביז מען קומט סוף כל סוף דורך. אָבער אַנטוויקלען א מאַכט צווישען די ארבייטער, וואָס קען שטעלען אין סכנה די גאַנצע אָרדענונג — דאָס איז שוין אן ענין, וואָס די מאַגנאַטען קענען ניט דערלאָזען. און דער קאָנסערוואַטיווער, גוט־באַצאָלטער פּרעזידענט ליע איז איינגאַנצען מסכים מיט זיי. זיין פּסיכאָלאָגיע פון אלע די, וועלכע פילען זיך גאַנץ גוט אין די גרעניצען פון היינטיגער אָרדענונג און מיינען, אז זי איז די בעסטע פון אלע וועלטען. „קיין רעגירונג — איז זיך ליע אָפענהערציג מודה, — קיין רעגירונג מיט א געזונטען שכל וועט ניט דערלאָזען, אז איין קלאַס זאָל קענען פּאַראַליזירען און אָפּשטעלען די באַנען פון א לאַנד און צו באַשטראָפען די אומשולדיגע, וואָס בילדען די מאַיאָריטעט“.

דערמיט האָט א פירער פון ארבייטער בפרהסיא דערקלערט, אז די רעגירונג האָט א רעכט צו פארבאָטען א סטרייק, און טאַקע א סטרייק פון זיין אייגענער אָרגאַניזאַציע.

וואָס פאר א ממשות די פאָדערונגען פון די ארבייטער קענען שוין האָבען ווען עס קומט צו א סכסוך מיט די אונטערנעמער, ווען דער פירער האָט אזא מיינונג — איז לייכט צו פארשטיין.

די קאַפּיטאַליסטען ווייזען ארויס א סך א שטאַרקערען קלאַסען־באַוואוסטזיין ווי די כלומר'שדיגע ארבייטער־פירער. די ריילראָוד מאַגנאַטען האָבען שוין לאַנג איינגעזען, אז זיי מוזען זיין אלע פאראייניגט אום צו בילדען שטאַרקע פּאָזיציעס קעגען די ארבייטער, אָבער די ארבייטער־פירער, וועמען מען האַלט אין איין איינ'טענה'ן, אז אין איינינגקייט ליגט זייער מאַכט, נעמען מיט זייערע אייגענע הענט און צוברעכען די דאָזיגע איינינגקייט, ווי א אומנוציגען שערבעל.

די סבה פון אזא טעמפּקייט און אומפארשטאַנד פון די אייגענע אינטערעסען ליגט אין דער מיינונג, אז די גאַנצע וויכטיגקייט פון די ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס ליגט בלויז אין דעם, וואָס זיי זיינען פעאיג צו קריגען פאר'ן ארבייטער העכערע שכירות און א קירצערען ארבייטס־טאָג. קוים קריגען די ארבייטער אָט די גראָשענס דורך צעשפּאָלטענע, צעשפּליטערטע כחות, איז מען יוצא אָן א געשלאָסענעם פראָנט און פאראייניגטע רייען ווערען פאַנאַנדערגעלאָזען.

דער אמת אָבער איז, אז די ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס האָבען העכערע צילען ווי די טעגליכע ברויט־ און פוטער־פראַגען. זייער באַדייט ליגט אין דעם, וואָס זיי ווערען א מאַכט־פאַקטאָר, א דעה־זאָגער אין לעבען פון לאַנד. אום צו האָבען א גרויסע מאַכט דאַרף מען האָבען א גרויסע ארמיי, א געשלאָסענע, איינהייטליכע, דיסציפּלינירטע ארמיי, און וואָס מער מענשען עס זיינען פאַראַן אין איר, אלץ שטאַרקער, קרעפטיגער איז זי, אלץ מער דרך־ארץ האָט מען פאר איר, אלץ אויפמערקזאַמער הערט מען זיך צו צו איר שטים, אלץ מער רעספּעקטירט מען אירע פאָדערונגען, אירע פארלאַנגען און אירע באַגערען.

א פאראייניגטער פראָנט פון אלע ארבייטער אין אן אינדוסטריע איז די איינציגע אייזערנע וואַנט, קעגען וועלכע עס זיינען מאַכטלאָז די קוילען פון די געגנער.

אז די ארבייטער פון די „בראָדערהודס“ זיינען אויך פאר א פאראייניגטען אינדוסטריעלען פראָנט און געגען. דער שפּאַלטונג־פּאָליטיק פון זייערע פירער, באַווייזט דער דורכפאַל פון פּ. פּ. גרעבל, פּרעזידענט פון די שטרעקען־ארבייטער בראָדערהייד, אויף דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן פון פארבאַנד, וואו פּ. ה. פליאזראל פון דאָפהין, מינעסאָטאַ, איז אויסגעקליבען געוואָרען פּרעזידענט מיט א מערהייט פון איבער 3000 שטימען געגען גרעבלען. מיט גרעבלען מוז אויך גיין דער ביז־אַהעריגער גענעראַל־סעקרעטאַר ס. דזש. פּעגג. גרעבל האָט בשעת דעם שאָפּמען סטרייק ניט דערלאָזען, עס זאָל דורכגעפירט ווערען דער באַשלוס פון די שטרעקען־ארבייטער צוצושטיין צום סטרייקען. ער האָט ניט דערלאָזען, אז אָט די אָם ערגסטען באַצאָלטע באַן־ארבייטער זאָלען זיך אָנשליסען אָן די סטרייקענדע שאָפּמען אום צו קעמפען מיט אלגעמיינע כחות קעגען די אייזענבאַן־אייגענטימער.

מר. גרעבלס פּאָליטיק איז געווען א שתדלנות, א מח־יפית, א הינטער־טיר פּאָליטיק. ווען די ארבייטער האָבען מיט א מאַיאָריטעט באַשלאָסען צו סטרייקען, האָט מר. גרעבל אין רעכטען קריטישען מאָמענט געגעבען א באַפעל, אז מען „זאָל ניט סטרייקען“, און אנשטאָט אויסצונוצען די קאַמפּס־לוסט פון די ארבייטער פון זיין אָרגאַניזאַציע, האָט ער בעסער אָנגעפאַנגען צו בעטלען ביים לייבאָר באָרד א הוספה און די ארבייטער האָט ער פארשפּראָכען, אז די הוספה וועט זיכער קומען, אויב זיי וועלען זיין גוטע באַיעס און ניט ארויס אין סטרייק.

אזא טאַקטיק איז געווען זייער צום האַרצען די באַן־מאַגנאַטען און אזעלכע ארבייטער־פירער ווי ליע און קאָמפּ. די ארבייטער־כחות זיינען צעשפּליטערט געוואָרען, דער פאראייניגטער פראָנט איז צעשטערט געוואָרען.

די פארשפּראָכענע הוספה — דער שכר פאר'ן שטערען

דעם סטרייק — איז ניט געקומען. עס האָט אפילו ניט געהאָלפען גרעבלס פאַרצווייפעלטע רחמנות'דיגע בקשות צום לייבאָר באָרד. ער האָט דעם לייבאָר באָרד געבעטען מיט גוטען און מיט אַלערליי סטראַשונקעס, אז אויב דער לייבאָר באָרד, הייסט עס, וועט אים ניט ארויסהעלפען, וועט דער פאַרבאַנד אריינפאַלען אין די הענט פון די „לינקע“, די ראַדיקאַלען. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען קיין געבעט. „דער מאָר האָט זיין שולדיגקייט געטאָן, דער מאָר קען גיין“. דער סטרייק פון די שאַפּמען איז געבראָכען און די שטרעקען־ארבייטער זיינען אין איצטיגען מאָמענט ניט געפערליך, נאָך דעם ווי מר. גרעבל האָט זיי געשטערט דעם סטרייק. מר. גרעבל האָט זיין ארבייט געטאָן און ער קען איצט גיין.

ווי א בלוטיגע קאַטאָוועס קלינגט דער באַשלוס פון דער לייבאָר באָרד צוצולייגען א טייל פון די ארבייטער גאַנצע צוויי סענט א שטונדע. און פון דער דאָזיגער „הוספה“ אפילו וועלען נאָר געניסען פיר פון די ניין קאַסען, אין וועלכע מען האָט איינגעטיילט די שטרעקען־ארבייטער. מיט דער הוספה וועלען איצטער די שכירות זיין פון 23 ביז 37 סענט א שטונדע. דאָס איז א סך ווייניגער, וויפיל איינפאַכע לייבאָרערס קריגען אין אנדערע אינדוסטריען. אפילו דער שטאָל־טראַסט צאָלט העכערע שכירות.

מר. גרעבל האָט אָפּגעשוואַכט די סטרייק־קראַפט פון די ארבייטער און די ארבייטער האָבען אים דערפאַר גאַנץ פשוט משלח געווען.

ביי די אונטערנעמער איז איצט דאָ א שטאַרקע טענדענץ ניט צו דערלאָזען קיין סטרייקס. די פעדעראַל און די סטייט רעגירונגען שטיצען אזא „פּאָליסי“ אונטער. פיל קאָנסערוואַטיווע גאָווערנאָרס האָבען אין זייערע פּראָגראַמען אלס א הייל־מיטעל קעגען די ארבייטער־טראָבעלס געצוואונגענע ארביטריישאָן. די מער פאָרגעשריטענע עלעמענטען טראָגען זיך אַרום מיט דעם רעצעפּט פון פאַרשטאַטליכען די מיינס און די אייזענבאַנען, אום אויסצומיידען שטערונגען אין דער עפענטליכקייט.

אז געצוואונגענע ארביטריישאָן איז ניט מער ווי א הויקער אויפ'ן פּלייצע פון דער ארבייטער־באַוועגונג, וואָס פאַרלירט דורך דעם איר הויפּט־וואָפען — דאָס סטרייק־רעכט, — איז אַן אָנגענומענע זאַך און עס לוינט זיך אויף דעם ניט אָפּצושטעלען.

גאַנץ אנדערש איז מיט דעם צויבערוואָרט „פאַרשטאַטליכען“. דאָס דאָזיגע וואָרט שטייט אין רעכטען מיטעלפונקט, ווי דאָס שענסטע שטיקעל צירונג, אין כמעט אַלע פּראָגראַמען פון די פּראָגרעסיווע און אפילו פון דער לייבאָר־פּאַרטיי.

אין דער צייט פון די צוויי גרויסע סטרייקס זיינען די קאָנסערוואַטיווען געווען פאַר געצוואונגענע ארביטריישאָן און די פאָרשריטלער פאַר פאַרשטאַטליכען די מיינס און די אייזענבאַנען.

דאָס „פאַרשטאַטליכען“ איז א מין קמיע, וואָס איז פעאיג איינצושלעפערן אפילו א פּראָגרעסיווען מוח. אין יעדען פאַרזוך צו פאַרשטאַטליכען די מיינס און די פאַרקערס־מיטלען זעט א געגנער פון פּריוואַט־אייגענטום אַן אָנפאַנג פון סאָציאַליזם. ווערט דאָך באַטראַכט „מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ“ א וויכטיגער שריט, וואָס דערנענטערט אונז צו דער שיינער צוקונפט.

אמת, די ניכטערע קעפּ פון ראַדיקאַלען לאַגער האַלטען, אז דער איבערגאַנג פון די מיינס און די אייזענבאַנען אין די הענט פון דער רעגירונג איז וויכטיג נאָר דעמאָלט, ווען עס איז פאַראַן אַן אמת'ע דעמאָקראַטיע, ווען די רעגירונג ווערט ווירקליך קאָנטראָלירט פון פאָלק, אָבער ניט פון א פּאָליטישער „מאַשין“, וואָס שטייט איבער'ן פאָלק און רעכענט זיך לחלוטין ניט מיט זיינע אינטערעסען. אזוינע קעפּען ניט קיין קעלבערנע התפּעלות פון אָט דעם „שטאַט־סאָציאַליזם“. אָבער דאָך וועט קיינער ניט צוגעבען די שעדליכקייט פון דעם פאַר דער ארבייטער־באַוועגונג. אַלע זיינען מודה, אז עס איז דאָך בעסער, אז די מיינס, די אייזענבאַנען, די עלעווייטערס און די סאָבוויים זאָלען זיין דאָס אייגענטום פון שטאַט אָדער שטאָט, איידער פון פּריוואַטקאָמפּאַניעס.

מ י ר מיינען, אז דאָס איבערנעמען פון די מיינס און די ריילראָודס און די איבעריגע פאַרקערס־מיטלען דורך דער רעגירונג אין דער איצטיגער צייט קען אַמאָל ברענגען דער ארבייטער־באַוועגונג מער שאַדען ווי נוצען. און דאָס מיינען מיר טאַקי דערפאַר, ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז דאָס פאַרשטאַטליכען וועט אזוי ווי געצוואונגענע ארביטריישאָן אָפּנעמען פון ארבייטער זיין סטרייק־רעכט.

אין א קהל'שער אונטערנעמונג איז זייער שווער צו סטרייקען. די עפענטליכע מיינונג, וואָס איז שטאַרק וויכטיג אין צייט פון סטרייק, איז אין אזא פאַל קעגען די סטרייקער. די ארבייטער גופא, אַלס א טייל פון דער געזעלשאַפט, צו וועלכער די אונטערנעמונג געהערט, פילען זיך אויך ניט אזוי באַקוועם ארויסצוגיין אין א סטרייק. אויסער דעם פאַרבאָט מען געוויינליך די ארבייטער זיך צו אָרגאַניזירען. ווי ליבעראַל א רעגירונג זאָל ניט זיין, וויל זי קיינמאָל ניט דערלאָזען, אז מיינערס פון אירע אייגענע מיינס, בריפטרעגער, טעלעפאָן, פּאָסט און ארבייטער פון אירע אייגענע אייזענבאַנען זאָלען האָבען די מעגליכקייט אָפּצושטעלען די ארבייט.

אין פראַנקרייך האָט אַמאָל א סטרייק פון שטאַט־אָנגעשטעלטע געפירט צו בלוטיגע צוזאַמענשטויסען. דאָס זעלביגע איז אויך פאָרגעקומען אָט דאָ ניט לאַנג אין דייטשלאַנד.

יעדע רעגירונג וויל זיך פאַרזיכערען, אז דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון לאַנד זאָל ניט אָפּגעשטעלט ווערען און זוכט דעריבער אָוועקצונעמען אַלע מניעות, וועלכע קענען פירען צו א שטילשטאַנד. ווען די רעגירונג איז אַליין די באַלעבאָסטע פון די אונטערנעמונגען, איז איר דעמאָלט א סך לייכטער דורכצוקומען מיט די ארבייטער. אויסער דעם איז איר א סך לייכטער אָנצווענדען שטרענגע מיטלען קעגען די סטרייקער, ווען די אונטערנעמונג געהערט צום שטאַט, איידער ווען די אונטערנעמונג געהערט צו פּריוואַטע מענשען.

פאַר די ארבייטער איז אָבער ניט אזוי וויכטיג א געוויסע עקאָנאָמישע אויסבעסערונג ווי דאָס רעכט צו סטרייקען.

נעמט אַוועק פון די ארבייטער דעם כח, וואָס ליגט באַהאַלטען אין א סטרייק, און ער ווערט א שטיק האָלץ אין די הענט פון די אונטערנעמער.

קיין פּרייז, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין פאַר דעם היינטיגען טאָג, טאָר ניט קענען אָפּקויפען דאָס סטרייק־רעכט פון די ארבייטער, וועלכע איז א שוץ־מיטעל קעגען זייערע אָנגרייפער ניט נאָר אין דער געגענוואַרט, נאָר אויך דער שטאַרקסטער קאַמפּ־מיטעל פאַר זייער צוקונפט.

אַלע מיטלען, וועלכע באַרויבען פון די ארבייטער זייער רעכט צו סטרייקען, אָדער שוואַכען אָפּ דעם כח פון א סטרייק, זיינען קעגען די ארבייטערס אינטערעסען. די פירער, א שטייגער ליע און זיינע חברים, וועלכע מיינען, ערליך אָדער אומערליך, מיט אָדער אָן פּניות, אז מען קען פאַרקויפען די בכורה פאַר א טאָפּ לינזען, אז פאַר א קליינער הוספה'לע אין שכירות לוינט אָפּצוגעבען די געווער פון סטרייק, וועלען סוף כל סוף פון די ארבייטער באַזייטיגט ווערען, ווי מר. גרעבל און זיין גענעראַל־סעקרעטאַר.

דאָס איז דער מוסר השכל, וואָס מיר קענען לערנען פון די לעצטע גרויסע סטרייקס.

---

## שיקט אייערע קינדער אין די אַרבייטער־רינג שולען!

## נאָך א מיטגליד אין ברענטש מאַכט דעם אַרבייטער־רינג שטאַרקער.

# די הספדים אויף אַ לעבעדיגען

פון ק. מרמר

בארימטע מענשען קומט אמאל אוים הערען א הספד אויף זיך. ס'קומט ארוים א קלאנג, אז די אדער יענע בארימטהייט איז געשטארבען. ס'הייבען זיך אן שיטען הספדים, און די זיסטע שבחים קומען דוקא פון דעם באקלאגטענם ביטערסטע שונאים. ווען דאס טרעפט איין מאל אין א נאווינע, איז עס ניט קיין בייז. אדרבא, ס'איז אינטערעסאנט פאר דעם לעבעדיג-באקלאגטען צו גיין צו דער אייגענער „לויה", און הערען די אמת'ע און פאלשע שבחים פון פריינט און פיינט. חזר'ט זיך עס איבער עטליכע מאל, אזוי ווערט עס פריקרע, סיי פאר דעם לעבעדיגען מת און סיי פאר די צוהערער.

אט אזא געפיל רופען ארוים די שטענדיגע הספדים אויף דעם אידישען פאלק. דאס אידיש פאלק לעבט און בליט, און זיי, די הספדים-מאכער, שטייען ווי ביי אן אפענעם קבר, ברעכען די הענט און רייסען קריעה, ווי נאך א טויטען.

„געשטארבען דאס אידישע פאלק אין רוסלאנד" — קלאגט אן אייראפעאישער אידישער שרייבער. זיין איינציגע נחמה איז; „אפשר איז אויסגעוואקסען א אידיש פאלק אין אמעריקע?" ענטפערט אויף דעם אן אמעריקאנישער אידישער שרייבער: „ניין, אויך דא אין אמעריקע איז ניטא קיין אידיש פאלק!"

נאר דאס אידישע פאלק אין אמעריקע איז פול מיט רוישיג לעבען. הויך און מוטיג קלינגט זיין לעבענס-געזאנג, און לאזט זיך ניט פארשטומען דורך קיינע ציטונגס-קינות. די אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון דעם אידישען ישוב אין אמעריקע, פארוואנדעלט יעדער „איכה", איבער דעם אונטערגאנג פון אידישען פאלק, אין א „נחמו", אז דאס אידישע פאלק איז נאך פול מיט יוגענטליכער לעבענסקראפט.

איינציגע, ניט-ארגאניזירטע זיינען די אידען פון מזרח-אייראפא געקומען נאך אמעריקע. ס'האט זיך געדוכט, אז דאס זיינען אפגעריסענע בלעטער פון אלטען בוים, וואס זיינען פארורטיילט באנוצט צו ווערען אויף מיסט פאר פרעמדע פעלדער. נאר אזוי גיך ווי זיי האבען זיך אנגעזאמעלט אין איין ארט, האט זיך דערנענטערט א גליד צו א גליד, און ס'האט זיך אנגעהויבען באוועגען א נייע לעבען.

צוערשט איז אליין געווען אן איבערקייאונג פון דעם ביסעל מיטגעבראכטען פון יענער זייט ים. די ערשטע אנשטאלטען אומעטום זיינען דערפאר געווען דער בית-המדרש און די תלמוד-תורה. נאר באלד זיינען געקומען די נייע אמעריקאנער פראדוקטען: די ביבליאטעק, די ציטונג, דער בילדונגס-פאראיין און דער פריידענקער-קלוב.

מיט א קללה אויף די ליפען האבען פרומע לייט געקוקט אויף די נייע אנשטאלטען. נאר ס'האט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז דער שטיין, פון וועלכען די פרומע פיאנירען האבען זיך געמיאוס'ט, איז געווארען דער פונדאמענט פון דעם גרויסען אידישען בנין אין אמעריקע.

די אלע, ווען דער בית-המדרש האט ניט געקאנט מער דינען ווי צעמענט זיי צוזאמענצוהאלטען ווי מיטגלידער פון איין פאלק, האבען זיך באהעפט איינער אן צווייטען דורך, דעם אידישען בוך, דורך דער אידישער ציטונג, און אין א גרויסער מאס אויך דורך דעם נאאיווען אפיקורס'ישען קאמף געגען דער אידישער רעליגיע.

דער פריידענקער-קלוב איז געווארען א נייער סארט „מקום תורה", וואו אידען האבען זיך געפלפול'ט אויף דעם וועלכען שטייגער, ווי זייערע עלטער-זיידעס אין מערב- און מזרח-אייראפע. דער אנטי-רעליגיעזער קאמף האט זיי פאראייניגט צווישען זיך און אויפגעבויט אן אומצושטערבארען בריק צווישען אלטען און נייעם דור, צווישען די אידישע מאסען פון ארטאדאקסישען בית-המדרש און די פון פריידענקער-קלוב. דאס האט פיל פארגרינגערט די ארבייט זיי צו פארזאמלען, אדרעסירען און ארגאניזירען, ווען זיי זיינען אריינגעדרונגען אין די שעפער און ס'איז אנטשטאנען א אידישע ארבייטערשאפט.

די אנשטייאונג פון א אידישער ארבייטערשאפט האט גאנץ געענדערט דעם כאראקטער פון דער אידישער ראדיקאלער אינטעליגענץ. די פריערדיגע קולטור-טרעגער און אפיקורסות-פרעדיגער האבען זיך פארוואנדעלט אין קלאסען-קעמפער און יוניאן-בויער. אנשטאט צו קעמפען געגען דער אומזיכטבארער מלוכה פון גאט, האבען זיי זיך גענומען צום קלאסענקאמף געגען דער זיכטבארער הערשאפט פון קאפיטאליזם. זיי האבען די בילדונג ניט מער באנוצט צו דערווייטערען דעם ארבייטער פון זיין גלויבען אין הימעל, נאר צו דערנענטערען אים צו זיינע אינטערעסען אויף דער ערד. זיי האבען ארגאניזירט טרייד-יוניאנס און אן ארבייטער-ארדען, דעם מעכטיגען „רינג" אין דער „גאלדענער קייט" פון דער ארבייטער-באוועגונג. זיי האבען כסדר געוועקט דעם געוויסען פון אידישען קאלעקטיוו, און האבען דירעקט און אומדירעקט מיטגעהאלפען דער שאפונג פון פארשידענע וויכטיגע אינסטיטוציעס און דער אויפבליאונג פון א רייכען אידישען געזעלשאפטליכען לעבען.

גייען זקנים דורך די אידישע קווארטאלען און זעען א געדיכטע אידישע באפעלקערונג אין געגענטען, וואו די ערשטע אידישע אימיגראנטען האבען ניט געוואגט דורכצוגיין; באטראכטען זיי די וויכטיגע אנשטאלטען, אויפגעבויט פון די פעניס פון די ארימע ארבייטער-מאסען, די אומציילינגע אידישע ארגאניזאציעס, קלובען און פאראיינען — אזוי פרעגען זיי זיך זעלבסט אט די זקנים: וואס פאר א „נס" איז דא געשען, וואס פאר א וואונדערליכער כח האט אין אזא קורצען משך אויסגעבויט אזא וויכטיגע אידישע געמיינדע מיט אזא רייכען אייגענטימליכען לעבען? !

די ערשטע אידישע פעדלער האבען זיך פארוואנדעלט אין רייכע געשעפטסלייט. אויף דעם ארט, וואו זיי האבען זיך געבויגען אין דרייען אונטער זייערע שווערע פעק, שטייען איצט ריזיגע געשעפטס-הייזער. דער אידישער ארבייטער, וואס האט נאך מיט א דור צוריק זיך ניט גערעכענט ווי א טייל פון דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט, שטייט איצט אין פראנט פון דעם קאמף פאר א בעסערען און שענערען לעבען. זיינע ארגאניזאציעס זיינען א מוסטער פון קלאסען-באוואוסטזיין און אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט. ער איז דער גרונטשטיין פון דער אידישער געמיינדע, איר יחוס און איר שטאלץ. ער איז דער טרעגער פון די שענסטע אידעאלען; ער איז דער אויפהאלטער פון אידישער ליטעראטור און קונסט, פון דער אידישער בינע און אידישער קינדער-ערציאונג; ער האלט אויף מיט מסירת נפש א גאנצע רייע פאלקס-שולען, מיטעל-שולען, און אפילו לערער-אנשטאלטען. ער בויט ארבייטער-אוניווערזיטעטען, ארבייטער-בענק, קאאפעראטיוון א. א. וו. און פלאנט נאך אליין גרעסערע אונטערנעמונגען.

באטראכטען מיר דעם לעבעדיגען מת, וואס ליגט פאר אונזערע אויגען דא אין אמעריקע, אזוי הייבען מיר אויך אן

צווייפלען אין דעם „אמת פון רוסלאנד" פאר די הספד־מאכער.

געוויס, די אידען אין אוקראינע האבען אין די לעצטע עטליכע יאר מער געליטען, ווי אין די צייטען פון כמעלניצקים שחיטות. נאר דערפאר לעבען איצט די אוקראינער אידען אין אזא פרייהייט און גלייכהייט, וועלכע די אידען נאך „גזרת ת"ח" האבען זיך ניט געקענט פארשטעלען אפילו אין חלום.

א נייע אידיש לעבען ווערט איצט געשאפען אין רוסלאנד. נאר מיר קענען עס נאך ניט קלאר מערקען. עס הערשט דארט איצט א בין־השמשות צייט. די אלטע ווערטען זיינען געווארען צעשטערט, די נייע האלטען נאך אין ווערען. דאך באמערקען מיר שוין די שפראצונגען פון א נייער אידישער קונסט, א נייער אידישער ליטעראטור, און אפילו א נייער „חכמת היהדות", א מאדערנע יודענטום־וויסענשאפט, וואס איז נעהנטער צו דער אלטער ביבלישער קוואל, ווי צו די לומדות פון אונזערע פרומע זיידעס, און איז צוגלייך אן ארגאנישער טייל פון די אלמענשליכע געדאנקען פון 20־טען יארהונדערט.

דער היסטאריקער גרעץ, וואס האט איינגעטיילט די פעלקער אין שטערבליכע און אומשטערבליכע, האט אנגעגעבען א סימן, דורך וועלכען מיר דערקענען די אומשטערבליכקייט פון א פאלק: קען א פאלק, זאגט ער, אריבערטראגען שווערע קאטאסטראפען, פארמאגט עס די בויגזאמקייט, עלאסטישקייט זיך צוזאמענצוקארטשען, ווען מ'דריקט אים, כדי נאכדעם זיך ווידער אויסצוציען, דעמאלט האט עס די פעאיגקייט זיך צו פאריונגערען. אזא פאלק, אויב ס'איז געווארפען צו דער ערד, הייבט זיך ווידער אויף. אין אזא פאלק לעבט א דרעמלענדיגע לעבענסקראפט, ווי א ניט־אויסגעלאשענער פונק אונטער א קופע אש. ס'האט אין זיך א דימענטענעם קערן, וואס ניט וואסער און ניט פייער קענען צעשטערען.

די פארצייטיגע אידישע ראדיקאלען, די סאציאל־פאליטישע נביאים, האבען גלויבט, אז דאס אידישע פאלק באזיצט אזא לעבענסקראפט. זיי זיינען געווען זיכער, אז „נצח ישראל לא ישקר", אז דער איד וועט קיינמאל ניט פארשווינדען פון דער ערד: קיין פייער וועט אים ניט פארברענען, און קיין וואסער וועט אים ניט דערטרינקען.

דאס איז אויך געווען די מיינונג פון דעם מאדערנעם פראנצויזיש־אידישען ראדיקאל בערנאר לאזאר.

בערנאר לאזאר האט ניט געזען קיין איבערנאטירליכעס אין דער דויערהאפטיגקייט פון אידישען פאלק. ער האט גוט געוואוסט, אז די אידען זיינען ניט די איינציגע, וואס האבען זיך געראטעוועט פון אונטערגאנג, און אז זיי זיינען אויך ניט די איינציגע, וואס זיינען צעשפרייט איבער פארשידענע לענדער און אויסגעזעצט צו אלערליי פארפאלגונגען. נאר לאזאר האט אפנים געדענקט, אז יעדער יחיד פון א פאלק, אזוי ווי יעדער אטאם, פון די עלעמענטען פון דער נאטור, טראגט אין זיך אלע זיינע פיזישע און גייסטיגע אייגענשאפטען. בלייבט נאר איין פערזאן פון א פאלק, אזוי איז עס נאך ניט אונטערגעגאנגען, און קען נאך אפילו האפען אויף אומשטערבליכקייט. דערפאר האט ער, לאזאר, אמאל ערקלערט, אז אויב זיין אידיש פאלק וועט באשליסען זיך צו אסימילירען, וועט ער איינער עס ניט דערלאזען: ער אליין וועט דורך זיין פאמיליע פארזעצען די עקזיסטענץ פון א אידיש פאלק.

מ'קען זיין יא אדער ניט איינפארשטאנען מיט גרעץ און בערנאר לאזאר. מ'מוז אבער צוגעבען, אז דאס אידישע פאלק געהערט צו יענער קאטעגאריע פעלקער, וועלכע גרעץ רופט אן „אומשטערבליכע". דאס אידישע פאלק באזיצט ווירקליך א מערקווירדיגע לעבענסקראפט. עס געפינט זיך אפט צווישען האמער און קאוואדלע; נאר קיין האמער איז ביז איצט נאך ניט געווען בכח אים צוצוברעקלען; ער האט אים בלויז איבערגעשמידט אין נייע פארמען.

דאס האט זיך שוין בולט ארויסגעוויזען אין אמעריקע. ווארשיינליך וועלען מיר עס באלד קענען איינזען אויך אין נייעם רוסלאנד. אלענפאלס איז זיכער, אז דאס אידישע פאלק איז, ניט קוקענדיג אויף אלע זיינע הספד־מאכער, נאך פול מיט יוגענטליכע זאפטען. דאס מערקווירדיגע אויפבויען פון דעם אידישען געזעלשאפטליכען לעבען אין אמעריקע דעמאנסטרירט, אז עס איז ניטא דער באדען אויף דער וועלט, וואו דאס אידישע פאלק זאל זיך ניט קענען צופאסען, שלאגען ווארצלען און אויפבליען, אקוראט ווי ס'וואלט זיך געפונען אונטער דעם העלבלויען הימעל, אונטער וועלכען ס'איז געבארען געווארען.

# ללאיד דזשארדזש

(א פאליטישע כאראקטעריסטיק)

פון פראפ. א. חפץ

דער לעצטער פון די „פיר גרויסע", וועלכע האבען אונטערגעשריבען דעם ווערסאלער אפמאך, איז אראפ פון דער פאליטישער ארענע; צי צייטווייליג, צי אויף שטענדיג, איז אומבאוואוסט; אלענפאלס, באדייט זיין איצטיגער אוועקגיין די ליקווידירונג פון א באשטימטען היסטארישען אפשניט. נאר א דאנק זיין אומנאטירליכער פאליטישער באגאבונג, איבערמענשליכער ענערגיע און אינטואיטיווער ווייטזעענדיגקייט האט ללאיד דזשארדזש אריבערגעלעבט, און אויף לאנג אריבערגעלעבט, זיינע חברים פון ווערסאל. א זון פון אן ארימען לערער אין קארנאוואן (אין אועלס), איז ער צו צוויי יאר געבליבען א יתום נאך זיין פאטער און איז ערצויגען געווארען ביי א פעטער א שוסטער. זיין יוגענט איז געווען פול מיט ליידען, א פליישיגער מיטאג — א זעלטענער יום־טוב אין זיין קינדהייט. ביי אזא מצב האט ער, פארשטייט זיך, ניט געקענט באקומען קיין גענוגענדע בילדונג. ער איז געווען אזוי ארים, אז שוין נאכ'ן אפגעבען דעם אדוואקאטען־עקזאמען האט ער א געוויסע צייט ניט געקענט פארנעמען זיך מיט פראקטיק, ווייל ס'האבען אים געפעלט דריי פונט שטערלינג אויף צום קויפען זיך א שווארצע מאנטיע, אין וועלכער ס'טרעטען ארויס די אדוואקאטען אין די ענגלישע געריכטען. פונדעסטוועגען זעען מיר אט דעם זון פון א לערער און תלמיד פון א קירכען־שול שוין צו 21 יאר אלס אדוואקאט, צו 27 — אלס דעפוטאט אין ענגלישען אונטערהויז (פארלאמענט) און צו 42 יאר אלס מיניסטער, וועלכער איז פון דאן אן געווען מיטגליד פון קאבינעט אין משך פון גאנצע 17 יאר אן הפסקות און וועלכער האט מיט'ן פארנעמען דעם פאסטען פון מיניסטער־פרעזידענט אין 1916־טען יאר, דערהויפט אבער נאך ווערסאל, זיך ערווארבען אן ספק דעם פירענדען ארט צווישען די דיפלאמאטען פון דער וועלט. אפילו קיינעס, דער באריהמטער ענגלישער עקאנאמיסט, א פאליטישער פיינד פון ענגלישען פרעמיער, רעדט מיט באוואונדערונג וועגען זיין „געוואנדטהייט, קלארהייט און באוועגליכקייט". וועגען ווילסאנען זאגט ער: „וועלכע שאנסען האט געהאט אזא מאן ביי דעם קיינמאל אין קיין טעות ניט אריינפאלענדיגען, כמעט מעדיום־ארטיגען שארפען חוש פון ללאיד דזשארדזשען בנוגע יעדען, וואס קומט נאר אין זיינע ד' אמות אריין? ווען מ'האט געזען, ווי דער בריטישער פרעמיער באאבאכטעט די געזעלשאפט, ווען מ'האט געזען, ווי ער באאורטיילט מיט זעקס אדער זיבען דעם געוויינליכען שטערבליכען אומצוטריטליכע חושים די כאראק־

טערם, מאָטיווען און אומבאַוואוסטזיניגע טריבען, ווי ער דערשפירט, וואָס עס טראַכט יעדער איינציגער, און אפילו דאָס, וואָס יענער וועט באַלד זאָגען, ווי ער געפינט אויס מיט אַ טעלעפּאַטישען אינסטינקט די אַרגומענטען אָדער ווענדונגען, וועלכע זיינען אַם בעסטען צוגעפּאַסט צו דער גאווה, שוואַכקייט אָדער עגאָאיסטישע אינטערעסען פון זיין געגנער: — דאַן האָט מען געמוזט דערקענען, אַז דער אָרימער פּרעזידענט וועט אין דעם ראָזיגען שפּיל אָפּגעבען די בלינדע קו . . ." יענע אייגענשאַפט פון אַ פּאָליטיקער, וועלכע מ'קען אָנרופען „טעכנישע באַוואָפענהייט פון אַ מלוכה־מאַן", איז נאָך קיינמאָל ניט געוואָרען אַזוי באַזונגען, און דורך וועמען דערצו — דורך אַ פּאָליטישען געגנער.

זייענדיג אויסגעצייכענט אויסגעשטאַט „טעכניש", באַזיצענדיג אַ זעלטענע פעאיגקייט שטענדיג צו געפינען דעם ריכטיגען קאָמפּראָמיס צווישען עקסטרעמען, האָט ללאָיד דזשאָרדזש געפירט די אימפּעריאַליסטישע שיף פון פאַראייניגטען קעניגרייך אין די שווערסטע מאָמענטען, שטרעבענדיג דערביי צו איין איינציגען ציל — אויסצוקעמפען אַן אויסשליסליכע וועלט־באַדייטונג פאַר דער ענגלישער אימפּעריע, אַנדערש געזאָגט, פאַר דער ענגלישער בורזשואַזיע. מיט'ן גאַנצען ברען און ליידענשאַפטליכקייט פון זיין טעמפּעראַמענט האָט דער פריערדיגער ראַדיקאַל און פּאַציפיסט, דער געגנער פון ענגליש־בורישען קריג, זיך אָפּגעגעבען דער זאַך פון פאַרניכטען די באַוואָפענטע כחות פון דער דייטשער הערשאַפט אויף דער יבשה און אויפ'ן ים. ללאָיד דזשאָרדזש האָט געקענט פאַרקערפּערען אין זיך דאָס וועזען פון די אינטערעסען פון ענגלאַנדס הערשענדע קלאַסען און דורכפירען זיי מיט אַן אומערמידליכער ענערגיע אין לעבען; דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזען אויך אוממיטעלבאַר נאָך דער מלחמה: אין דער צייט פון די ווערסאַלער פרידענס־אונטערהאַנדלונגען. ללאָיד דזשאָרדזש האָט פאַרשטאַנען איינגאַנצען צו פאַרזיכערען די אינטערעסען פון ענגלאַנד, אַנטקעגען קומענדיג אין דערזעלבער צייט אויף זיין שטייגער אויך די דאָקטרינערישע שטאַנדפּונקטען פון ווילסאָנען מיט זיין פּראָיעקט פון דער פעלקער־ליגע און די שאָוויניסטישע נקמה־פּראָיעקטען פון קלעמאַנסאָ. דער געוועזענער איטאַליענישער פּרעמיער ניטטי ערקלערט וועגען דעם טייל פון ללאָיד דזשאָרדזשעס טעטיגקייט: „ללאָיד דזשאָרדזש מיט זיין גרויסאַרטיגער אינטעליגענץ האָט, ווי שטענדיג, גאַנץ קלאָר־אַלץ געזען: ער האָט ניט געגלויבט אין דעם נוצען און אויך ניט אין דער מעגליכקייט פון פאַרפירען אַ פּראָצעס געגען קייזער און געגען די דייטשע אָפיצירען. אַ ריזיגע, אָדער אַפילו אַ רעכט גרויסע אַנטשעדיגונג האָט ער געהאַלטען פאַר אוממעגליך". ללאָיד דזשאָרדזש האָט זיך גערעכענט דערביי מיט'ן מצב הרוחות פון די ענגלישע הערשענדע קלאַסען און ברייטע מאַסען, וועלכע זיינען נאָך דאַן ניט געוועזען אויסגעניכטערט פון מלחמה־טשאַד און וועלכע זיינען גרייט געוועזען איינגאַנצען צו פאַרניכטען דעם פיינד. אַז ללאָיד דזשאָרדזש האָט גערעכענט דעם ווערסאַלער אָפּמאַך פאַר אומאויספירבאַר, באַווייזט זיין געגנער קיינעס: „מיסטער ל. ד. קען זאָגען, אַז ער האָט געוואוסט, דאָס דעה ווערסאַלער אָפּמאַך איז ניט קלוג, טיילווייז זאָגאַר אומאויספירבאַר, און אַז ער שטעלט אין סכנה דאָס לעבען פון אייראָפּע; אָבער פאָלקס־ליידענשאַפט און פאָלקס־אומוויסענהייט שפּילען אַ ראָלע אין דער וועלט; דער ווערסאַלער אָפּמאַך איז געוועזען די בעסטע לעזונג, וועלכע ס'האָבען ערלויבט די פאָדערונגען פון די מאַסען און דער כאַראַקטער פון די איבעריגע הויפּט־פאַקטאָרען . . ."

דייטשלאַנד איז נידערגעשמעטערט געוואָרען — פון איר איז אַלץ געוואָרען צוגענומען, און דעריבער איז זי געוואָרען אומשעדליך פאַר ענגלאַנד, וועלכע האָט געשטרעבט צו דער וועלט־העגעמאָניע. ווילסאָנס פעלקער־ליגע איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שפּילצייג, אין אַ פּאָליטישען אַפּאַראַט פון די ווערסאַלער זיגער. אָבער אויף דייטשלאַנדס חשבון איז אויסגעוואַקסען, באַוואָפענטע ביז די ציין, פראַנקרייך מיט אירע וואַסאַלען פּוילען, רומעניע און אַנדערע. די ווירטשאַפטליכע אינטערעסען פון ענגלאַנדס הערשענדע קלאַסען האָבען געפאָדערט די באַרואיגונג פון אייראָפּע און די אויסמיידונג פון אַן אָנשטעקונג מיט באָלשעוויזם ביי די פאַרצווייפעלטע מאַסען פון מיטעל־אייראָפּע; דאָס האָט אָבער באַדייט ניט עפּעס אַנדערש, ווי אַ רעוויזיע פון ווערסאַלער אָפּמאַך. ווי זשע איז אַרויס פון דער ראָזיגער לאַגע איינער פון די אויטאָרען פון דעם אָפּמאַך, ללאָיד דזשאָרדזש? אָ, ער האָט זיך אין דער פראַגע אַרויסגעוויזען אַלס מאַגיער, אַלס צויבערער. אין די פיל קאָנפערענצען וועגען די רעפּאַראַציאָנס־צאָלונגען, וועלכע דייטשלאַנד האָט ניט געקענט דעקען, האָט זיך ללאָיד דזשאָרדזש געהאַלטען ביי אַ קלאַסיש פּשוט'ער אָבער געניאַלער טאַקטיק: וועגען אַ רעוויזיע פון ווערסאַלער טראַקטאַט קען, פאַרשטייט זיך, קיין רייד ניט זיין, אַז די דייטשען מוזען צאָלען, — אויב זיי וועלען ניט צאָלען, וועלען בנוגע זיי אָנגעווענדט ווערען פאַרשידענע רעפּרעסיעס; ענגלאַנד איז, חייסט עס, פאָלקאָם איינינג מיט איר בראַווען פאַרבינדעטען, מיט פראַנקרייך. אָבער אין דערזעלבער צייט פלעגט ללאָיד דזשאָרדזש זיך סטאַרען צו איבערצייגען אויף פיר אויגען זיין פראַנצויזישען קאָלעגע אין דער נויטווענדיגקייט פון קאָמפּראָמיס, כדי צו פאַרזיכערען די אַלגעמיינע גאַנצקייט פון טראַקטאַט. דער פראַנצויז פלעגט בלויז טיילווייז נאָכגעבען, און דער ענגלישער פּרעמיער פלעגט ריידען נאָך יעדער קאָנפערענץ וועגען דער אַנטגילטיגער פאַרשטענדיגונג און איינינגונג פון די פאַרבינדעטע, כדי נאָכדעם, אין אַ פּאָר חדשים אַרום, איבערצו'חזר'ן דיזעלבע טאַקטיק אויף אַ נייער קאָנפערענץ און אַ רוק טאָן די פראַנצויזען נאָך אויף איין שריט פאָראויס.

דיזעלבע טאַקטיק האָט ללאָיד דזשאָרדזש אָנגעווענדט אויך בנוגע סאָוויעט־רוסלאַנד. די אינערליכע לאַגע אין ענגלאַנד נאָך דער מלחמה האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר ניט קיין גוטע: אַ גרויסע אַרמיי פון אַרבייטסלאָזע, די שטייגונג פון יקרות און די דערמיט צוזאַמענגעבונדענע קאָלאָסאַלע סטרייקס פון די קוילענגרעבער, אייזענבאַן־אַרבייטער א. אַז. וו., — דאָס אַלץ האָט געצוואונגען צו זוכען אַ פאַרבינדונג מיט דעם גרויסען רוסישען מאַרק. חוץ דעם, האָט די אַרבייטער־פּאַרטיי אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געפאָדערט די אָנערקענונג פון דער סאָוויעט־רעגירונג. און ללאָיד דזשאָרדזש האָט געהאַנדעלט — פון איין זייט האָט ער אונטערגעהאַלטען די ווייסע גענעראַלען קאָלטשאַק, דעניקין, יודעניטש און וראַנגעל, געהאָלפען פּוילען אין איר קאַמף מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, און פון דער אַנדערער זייט שליסט ער אַ האַנדעלס־אָפּמאַך מיט רוסלאַנד, כדי עטוואָס צו באַפרידיגען די שטימונגען און פאַרלאַנגען פון די ברייטע ענגלישע אַרבייטער־מאַסען. אים איז ווינשענסווערט אַן אָפּגעשוואַכטע רוסלאַנד, וועלכע וועט ניט זיין ביכולת זיך אַנטקעגען צו שטעלען דער ענגלישער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק אויפ'ן מזרח און אין אינדיען.

וועלענדיג אַ שטייפערען פונדאַמענט פאַר דער „באַרואיגונג פון אייראָפּע", וועלענדיג דערגרייכען כאָטש אַ שלעכטען פרידען, אָבער דאָך אַ פרידען, און פאַרבינדען דערביי אין אַ געוויסער מאָס זיין שותּף פראַנקרייך, האָט ללאָיד דזשאָרדזש דורכגעפירט די קאַמפּאַניע פאַר דער גענוע'ר קאָנפערענץ, אָבער, ניט קוקענדיג אויף אַלע זיינע באַמיאונגען, האָט זי זיך ניט אויסגעטאַנצט לויט'ן רעצעפּט פון ענגלישען פּרעמיער: די אומאָפּהענגיגע, זעלבסטשטענדיגע האַלטונג פון דער סאָוויעטישער דעלעגאַציע, דער טראַקטאַט אין ראַפּאַלאָ און די פאַרביטערונג פון דער פראַנצויזישער דעלעגאַציע צוליב דעם האָבען צונישט געמאַכט אַלע קלוגע איינפאַלען פון דעם ענגלישען אַריסיי. גענוע איז דאָס ערשטע טרעפּעל, אויף וועלכען ללאָיד דזשאָרדזש האָט זיך אויסגעגליטשט. און אַלס לעצטען טרעפּעל האָט זיך אַרויסגעוויזען די מזרח־פראַגע. דער ווערסאַלער אָפּמאַך און זיינע נאָכפאָלגער — דער סאַן־זשערמענער, טריאַנאָנער און סעווּרער — זיינען געווען אויסגערעכענט אויף דער פאַרניכטונג פון די באַזיגטע נאַציעס סיי אין עקאָנאָמישער, סיי אין פּאָליטישער הינזיכט; אויף זייער חשבון האָבען געדאַרפט אויפוואַקסען נייע, וועלכע זאָלען איינגאַנצען דינען וועלכער עס איז אַנטאַנטישער מדינה. אויף טערקיים רעכענונג איז אויסגעוואַקסען גריכענלאַנד, וועלכע האָט געדאַרפט דורכפירען אויפ'ן נאָענטען מזרח די ענגלישע פּאָליטיק, וועלכע האָט דאָרטען ערשט־קלאַסיגע אינטערעסען: די דורכגוסען, וועלכע זיינען פון אַ וועלט־עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און מיליטערישער באַדייטונג. אָבער טערקיי האָט אומגעריכט אַרויסגעוויזען לעבענספעאיגקייט. די אַנגאָראַ־רעגירונג, אונטערשטיצט דורך פראַנקרייך, האָט אַרויסגעשטופּט גריכענלאַנד פון די גרעניצען פון קליין־אַזיען און איז גרייט צו פאַרנעמען די דורכגוסען, גאַראַנטירענדיג זייער פרייהייט פאַר'ן פאַרקער פון די פאַראינטערע־

# לואיס פּאַסטער

1922—1822

פון ל. פּאַגעלמאַן

דער נאָמען פּאַסטער איז ווייניג באַקאַנט די ברייטע מאַסען, אַלענפאַלס פיל ווייניגער ווי ער האָט פאַרדינט מיט זיין רייכער פילזייטיגער שאַפונג אויף דעם געביט פון וויסענשאַפט. אין דעם, וואָס דאָס ברייטע פּובליקום ווייסט ווייניג וועגן אָט דעם נאָמען, איז שולדיג ניט פּאַסטער, נאָר די ווייטקייט פון פאָלק צו די וויכטיגסטע און גרעסטע ערפינדונגען פון דעם מענשליכען גייסט. די וויסענשאַפט איז נאָך אַלץ אַ פרעמדע זאַך פאַר׳ן פאָלק, נאָך אַלץ אַ זאַך פאַר ספּעציאַליסטען, און די גרעסטע נעמען זיינען באַוואוסט נאָר אין אַן ענגען קרייז פון דער אינטעליגענץ. צווישען פאָלק און דער וויסענשאַפט שטייט נאָך אַלץ אַ הויכע וואַנט, און די וויכטיגסטע אויפגאַבע אונזערע איז וואָס גיכער אָט די וואַנט צו פאַרניכטען. און דאַמאָלס, ווען די וואַנט וועט צעשטערט ווערען, וועט דער נאָמען פּאַסטער ווערען באַקאַנט פאַר יעדען איינעם, פאַר קליין און גרוים, פאַר אַלע שיכטען פון פאָלק.

ווער איז ער — אָט דער פּאַסטער?

אין קורצען געזאָגט, איז ער איינער פון די גרעסטע כעמיקער פון לעצטען יאָרהונדערט, נאָר די הויפּט־זאַך פון זיין אויפטאָן באַשטייט אין דעם, וואָס מאַכענדיג נייע און וויכטיגע אַנטדעקונגען אין כעמיע, האָט ער ניט נאָר געמאַכט אַ גרויסע איבערקערעניש אין פיל זייטען פון אָט דער וויסענשאַפט, ניט נאָר אויפגעדעקט נייע ווייטע האָריזאָנטען אין איר, נאָר זיינע כעמישע אַנטדעקונגען האָבען אָנגערירט פיל אַנדערע געביטען פון דער וויסענשאַפט און אויך דאָרט אַריינגעטראָגען וויכטיגע און גרויסע ענדערונגען..

ווי אַזוי זשע איז דאָס פאָרגעקומען?

כדי קלאָר זיך פאָרצושטעלען די הויפּט־אַרבייט פון פּאַסטער, לאָמיר זיך פריער באַקענען אין אַלגעמיינע שטריכען מיט זיין פּערזענליכקייט, מיט זיין לעבען און מיט דער אַנטוויקלונג פון זיינע אומגעווייגליכע פעאיגקייטען.

לואיס פּאַסטער איז געבאָרען געוואָרען אין פראַנקרייך מיט הונדערט יאָר צוריק ביי גאַנץ געמיינע עלטערן. זיין פאָטער, אַ געוועזענער סאָלדאַט, האָט ניט געהאַט קיין גרויסע מיטלען, אָבער האָט הויך געשטעלט די אויפגאַבע פון ערציאונג פון זיינע קינדער. לערנען די קינדער, געבען זיי די בעסטע בילדונג האָט ער געהאַלטען פאַר זיין הייליגען חוב, גלייך ווי דאָס געבען זיי עסען, און מיט די לעצטע מעגליכקייטען האָט ער געשטרעבט זיין לואיס׳ן צו מאַכען פאַר אַ מענש.

דעריבער געפינען מיר דעם יונגען פּאַסטער אין די בעסטע שולען און קאָלעדזשעס פון יענער צייט, אין די וויכטיגסטע בילדונגס־צענטרען פון פראַנקרייך. ער לערנט זיך אין קאָלעדזש אין אַרבואַ, אין בעזאַנסאָן, דערנאָך קומט ער אין אַ נאָרמאַלשול אין פּאַריז און ספּעציאַליזירט זיך אין סאָרבאָן אין כעמיע.

זיין ערשטע אַרבייט איבער דער פראַגע פון זויערקייט פון וויין האָט גלייך געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די געלערטע און ער באַקומט גלייך הויכע, פאַראַנטוואָרטליכע שטעלעס פון אַ פּראָפעסאָר פון אָנהייב אין דיזשאָן, דערנאָך אין סטראַסבורג, ליל, פּאַריז, וואו ער איז ענדליך געוואָרען דער אָנפירער פון דער וויסענשאַפטליכער אַרבייט אין דער זעלבער נאָרמאַלער שולע, וואו ער האָט זיך פריער געלערנט.

דאָס הייסט נאָך ניט, אַז אַזוי לייכט האָט זיך אים געגעבען זיין וועג צו אַזעלכע פּאָסטענס, וואָס ער האָט פאַרנומען.

אין דער זעלבער נאָרמאַלער שולע האָט ער אַ געוויסע צייט ניט געהאַט קיין שטעלע און קיין לאַבאָראַטאָריע (אַ צימער, וואו עס קומען פאָר די וויסענשאַפטליכע אַרבייטען, די פּראָבען).

פּאַסטער האָט געמוזט די ערשטע צייט איינאָרדענען אויף זיינע אייגענע מאָגערע מיטלען אַ לאַבאָראַטאָריע אויפ׳ן בוידעם פון דער שול. נאָר אין גיכען ווערט ער אָנגעשטעלט אַלס פּראָפעסאָר פון פּאַריזער אוניווערזיטעט און ווערט אַ מיטגליד פון איינעם פון די וויכטיגסטע אינסטיטוטען אין פּאַריז (מינעראַלאָגישען אינסטיטוט), וואו ער ווערט אויסגעקליבען מיט דער צייט אַלס שטענדיגער סעקרעטאַר.

לייענענדיג לעקציעס איבער כעמיע, געאָלאָגיע און מינעראַלאָגיע, האָט פּאַסטער זיין הויפּט־ענערגיע און אינטערעס אוועקגעגעבען גלייכצייטיג צו אויספאָרשונגען אויפ׳ן געביט פון כעמיע.

מיט אַ וואונדערבאַרער פלייסיגקייט האָט ער זיך פאַרנומען מיט אויספאָרשען די סבות פון דער קראַנקהייט פון דעם ווערימעל, וואָס מאַכט זיידענס. די קראַנקהייט האָט געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דער פראַנצויזישער אינדוסטריע צוליב די היזקות, וואָס די זיידענס־פאַבריקאַציע האָט געליטען. ניט די סבות פון דער קראַנקהייט, ניט די מיטלען צו היילען איר זיינען געווען באַוואוסט.

פּאַסטער האָט ביידע זאַכען אַנטדעקט און זיינע פּראָבען האָבען געגעבען גלענצענדע רעזולטאַטען.

אמת, ער האָט טייער באַצאָלט פאַר זיין אַנטדעקונג. אַרבייטענדיג טאָג און נאַכט איבער׳ן מיקראָסקאָפּ (פאַרגרעסערונגס־גלאָז), האָט ער פלוצלונג פון אָנשטרענגונג באַקומען אַן אַפּאָפּלעקסיע און אַ האַלבער קערפּער זיינער איז פּאַראַליזירט געוואָרען (אָפּגענומען געוואָרען) אין יאָר 1869.

די פאָלגען פון דעם אומגליק האָבען זיך געלאָזט פילען זיין גאַנץ לעבען. דער פּאַרלאַמענט האָט אים באַשטימט פּענסיע (געהאַלט) אויפ׳ן גאַנצען לעבען 12 טויזענט פראַנק, פאַרגרעסערענדיג אים דערנאָך ביז 25 טויזענט פראַנק.

זיין אַרבייט האָט זיך פונדעסטוועגען דאַמאָלסט ניט פאַרענדיגט. פאַרקערט, יענע צייט איז געווען דער העכסטער מאָמענט פון זיין אַנערקענונג און פון זיין אויפטאָן.

ער איז פאַררעכענט געוואָרען אַלס מיטגליד אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, די העכסטע אַנשטאַלט, וואו עס געפינען זיך די באַרימטע מענער פון לאַנד.

אין עטליכע יאָר נאָכדעם (1889) האָט פּאַסטער איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון דעם באַוואוסטען אינסטיטוט, וואָס

---

סירטע מלוכות. ענגלאַנד — די שטאָלצע זיגערין — מוז נאָכגעבען, זייענדיג איזאָלירט: אירע פאַבינדעטע פראַנקרייך און איטאַליען זיינען געגען איר . . . און דאָ לאָזען זיך שוין הערען דונערען פון מוסולמענישע אויפשטאַנדען אין מעסאָפּאָטאַמיע, סיריע, פּאַלעסטינע . . . און אין פערל פון דער ענגלישער קרוין, אין אינדיע.

די נאָכגעבונג פון ענגלאַנד באַדייט פאַר איר די נויטווענדיגקייט פון אַן ענגערען בונד מיט פראַנקרייך — און ללאָיד דזשאָרדזש טרעט אָפּ זיין אָרט פאַר באָנאַר לאָו.

איינער פון די קליגסטע און טאַלאַנטפולסטע פּאָליטישע טוער אין אייראָפּע איז איצט אַראָפּ פון דער פּאָליטישער אַרענע; אויף זיין אָרט זעט זיך שוין אין דער פּאָליטישער פּערספּעקטיוו די אַרבייטער־רעגירונג פון ענגלאַנד, וועלכע גייט מיט לאַנגזאַמע אָבער זיכערע טריט צו דער הערשאַפט.

האט באקומען זיין נאמען, און דא, אין דעם אינסטיטוט, האט אנגעהויבען ברויזען דאס וויסענשאפטליכע לעבען.

דער פאסטער־אינסטיטוט איז געווארען איינער פון די גרעסטע צענטרען, וואו די וויסענשאפטס־לייט האבען געארבייט איבער די שווערסטע ניט־פארענטפערטע פראגען, וואס זיינען געשטאנען פאר די געלערטע.

אלץ נייע און נייע אנטדעקונגען האט דער אינסטיטוט געמאכט און יעדע אנטדעקונג איז געווען העכסט וויכטיג פאר דער וויסענשאפט, פאר איר אנטוויקלונג און פאר אונזער לעבען בכלל.

פאסטערס נאמען ווערט באוואוסט איבער דער גאנצער וועלט. ער באקומט פון אלע זייטען אנערקענונג. פון לאנדאנער וויסענשאפטס־קרייזען באקומט ער גאלדענע מעדאלען, פון פראנצויזישער אקאדעמיע באקומט ער פרעמיעס. און פאסטערס נאמען האט געוועקט אומעטום די גרעסט'ע האפענונגען.

באזונדערס האט זיך דאס ארויסגעוויזען ביי דער פייערונג פון זיין 70־יאריגען געבורטסטאג.

אין דריי יאר ארום נאך דער דאזיגער פייערונג האט פאסטער פארענדיגט זיין לעבען, וועלכער איז געווען אזוי רייך סיי אין יארען, סיי אין נוצליכער שאפונג.

אין וואס זשע איז באשטאנען זיין פיליאריגע ארבייט?

עס איז ניט לייכט צו באקענען דאס ברייטע פובליקום מיט פאסטערס שאפונג, ווייל די הויפט־ארבייט זיינע איז פארגעקומען אויפ'ן געביט פון כעמיע, און פיל פון זיינע ערפינדונגען און אנטדעקונגען איז שווער צו ערקלערען פאר די, וועלכע זיינען ניט באקאנט מיט די הויפט־באגריפען פון אט דער וויסענשאפט.

מיר ווילען פרואווען איבערצוגעבען אין קורצען די וויכטיגסטע זייטען פון פאסטערס שאפונג.

מיר האבען שוין אנגעוויזען אין אנהייב פון ארטיקעל אויף זיין ערשטער ארבייט וועגען דער זויערקייט פון וויין, וואס האט אים גלייך אזוי באוואוסט געמאכט. אין וואס זשע באשטייט דער נייער ווארט, וואס פאסטער האט ארויסגעזאגט?

ביז פאסטערן האט מען גלייך ווי איצט באמערקט די ערשיינונג, אז וויין ווערט זויער ווען ער שטייט לאנג, מילך ווערט אויך זויער שטייענדיג, ביר ווערט אויך אן איר פריערדיגען געשמאק, ווען עס שטייט לאנג. פארוואס קומט דאס אייגענטליך פאר, האט מען ריכטיג ניט געוואוסט. עס זיינען געווען פיל השערות, סברות, גענומענע אפט פון אייגענעם פארשטאנד, ניט פון ערפארונג.

ניט דא איז דער ארט אפצושטעלען זיך גענוי אויף די אלע טעאריעס, וואס זיינען געשאפען געווארען, צו ערקלערען אט די ערשיינונגען.

פאסטער האט דער ערשטער באוויזען דורך פראבען, דורך ע ק ס פ ע ר י מ ע נ ט ע ן, אז אט די ערשיינונגען, דאס הייסט די פארזויערונג פון וויין, ביר, מילך און אנדערע פליסיגקייטען, קומען פאר צוליב דעם, וואס אין די פליסיגקייטען אנטוויקעלט זיך א נייער לעבען פון קלייניניקע לעבעדיגע ארגאניזמען (חיה'לאך), וואס מיר קענען באמערקען נאר מיט דער הילף פון מיקראסקאפ. אט די מיקראבען, ווי עס רופען זיך די חיה'לאך, זיינען די הויפט־סבה פון דער פארזויערונג פון יענע פליסיגקייטען.

נאך מער: פאסטער האט באוויזען, אז די ארגאניזמען זיינען זייער פארשידען אין זייערע געוואוינהייטען, געשמאקען און באדערפענישען. א טייל פון זיי נייטיגט זיך אין לופט, א טייל קען זיך אנטוויקלען אן לופט. ער האט זיי דעריבער אזוי טאקע אנגערופען א ע ר א ב נ י ע (וואס פאדערען לופט) און א נ א ע ר א ב נ י ע (וואס נייטיגען זיך ניט אין לופט). אנטדעקענדיג די וויכטיגע נייעס, האט פאסטער אויך געפונען מיטלען ווי אזוי צו באפרייען זיך פון די אומגעבעטענע געסט.

ער האט איינגעפירט און פארבעסערט די נייעסטע און ווירקזאמסטע מיטלען פון טייטען די מיקראבען, פון אזוי־גערופענער ס ט ע ר י ל י ז י ר ו נ ג. ער האט באמערקט, אז די קליינינקע גאסט ברואים'לאך קענען ניט אריבערטראגען קיין צו הויכע היץ, און ווארימט איר זיי אן ביז העכער פון 100 גראד, אדער ביז 110 און ווייטער, גייען זיי נעבאך אוועק אויף יענער וועלט.

אט די שוואכקייט זייערע האט פאסטער אויסגענוצט, ארייַנפירענדיג סטעריליזירונג פון פארשידענע פליסיגקייטען דורך אנווארימען זיי ביז א געוויסען גראד.

איר קענט אליין פארשטיין ווי וויכטיג די ערפינדונג איז אין לעבען בכלל און אין דער אינדוסטריע בפרט.

אויסער דעם האבען פאסטערס אנטדעקונגען וועגען אט די מיקראסקאפישע באשעפענישען אויפגעדעקט א נייע וועלט פאר דער מעדיצין. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז די לופט איז פול מיט אזוינע מיקראבען, וואס פארשפרייטען זיך מיט אן אומגעהייערער קראפט, וואס פאר'סמ'ען אונזער לופט, מיט וועלכער מיר אטעמען, וואס ברענגען שרעקליכען שאדען, ווען זיי קומען אין בארירונג מיט אונזער קראנקען קערפער, ווי למשל א וואונד.

דאמאלסט צעשעדיגען זיי די קראנקע טיילען און מאכען פשוט חרוב אונזער גאנצען ארגאניזם.

די מעדיצין, און באזונדערס די כירורגיע, האט אנגעהויבען אויסגעפינען נייע מיטלען צו באקעמפען אט די מיליאנען קליינינקע אבער פארביסענע שונאים אונזערע. די מיטלען רופען זיך אנטיסעפטישע מיטלען; זיי פארנעמען איצט א וויכטיגען פלאץ אין דער וויסענשאפט.

אלזא, געגען די מיקראבען אין די פליסיגקייטען (אין וויין, ביר, מילך) האט פאסטער געפונען אן עצה: איבערקאכען זיי איניגע מאל ביז א געוויסער טעמפעראטור. דער מיטעל האט באקומען, לכבוד פון זיין ערפינדער, דעם נאמען פ א ס ט ע ר י ז י ר ו נ ג.

מיר נוצען אים אויס אין טאג־טעגליכען לעבען אויף יעדען שריט. געגען די איבעריגע מיקראבען, וואס פירען מיט אונז א קאמף אויף לעבען און טויט, זיינען אויך געפונען געווארען שטארקע מיטלען. נאר דער פארשענדער גייסט פון גרויסען געלערטען האט זיך ניט געקענט באגנוגענען מיט דעם.

ער האט אויסגעפארשט די מיקראבען פון פיל שרעקליכע קראנקהייטען, פון סיבירער קרעץ, פון משוגעת, און פון אנדערע... און ער האט זיך איבערצייגט דורך פראבען אויף חיות, אז ווען מען נעמט אט די מיקראבען אין א שוואכער באארבייטונג (קולטור) און מען פירט זיי אריין אין קערפער, קען מען ארויסרופען די קראנקהייט אין א לייכטערער פארם און פארהיטען פון טויט.

פאסטער האט דער ערשטער געפונען א מיטעל אויסצונוצען דעם סם (טאקסין) פון די שרעקליכע מיקראבען פאר געזונטע מענשען, כדי צו פארהיטען זיי פון א קראנקהייט, אדער צו פארהיטען א קראנקען פון אן אומפארמיידליכען טויט.

אזוי זיינען ביסלאכווייז ערפונדען געווארען מיטלען צו העלפען געגען פיל פארשידענע קראנקהייטען, ווי כאלערע, טיף, קרעץ, פאקען און משוגעת.

פאסטער-אינסטיטוט איז געווארען דער עיר־המקלט, וואוהין עס פלעגען זיך אויפלויפען פון אלע עקען לאנד אומגליקליכע, וועמען א ביס פון א משוגענער חיה האט געהאלטען אין אן אוממענשליכער שרעק פאר משוגעת און טויט. פאסטערס מיטעל האט זיי באפרייט פון דעם שרעק. דאס אליין וואלט געווען גענוג אויף פאראייביגען פאסטערס נאמען. אויף זיין אנטדעקונג פון דער קראנקהייט פון דעם ווערימעל, וואס שאפט זיידענס, האב איך שוין אויך אנגעוויזען אין אנהייב פון מיין ארטיקעל. אנטדעקענדיג די סבות פון דער קראנקהייט אין געשטאלט פון ספעציעלע קליינע שמעטערלינגען, האט פאסטער אויך געפונען א מיטעל געגען דער חולאת און אויף אזא אופן געראטעוועט די אינדוסטריע.

אין א קורצען זשורנאל־ארטיקעל איז אוממעגליך אפצושטעלען זיך ברייט אויף דער פילזייטיגער רייכער טעטיגקייט פון גרויסען געלערטען. וועגען יעדערער פון די אנגעמערקטע

זיינע אַנטדעקונגען און ערפינדונגען קען מען פיל שרייבען. וועגען אַנדערע זיינע אַנטדעקונגען און עקספּערימענטען (פּראָבען), וועלכע טראָגען אַ מער ספּעציעלען וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער, האָב איך ניט געהאַלטען פאַר מעגליך דאָ זיך אָפּצושטעלען.

איך דענק, אַז דאָס וואָס איך האָב אָנגעוויזען איז גענוג אָפּצושאַצען די גרויסע ראָלע, וואָס פאַסטער שפּילט אין אַנטוויקלונג פון דער וויסענשאַפט, און די וויכטיגע באַדייטונג, וואָס ער האָט פאַר אונזער לעבען.

ער האָט אויפגעעפענט פאַר אונזערע אויגען אַ גרויסע מעכטיגע וועלט פון קליינע באַשעפענישען, וואָס לעבען אַרום אונז און אין אונז. ער האָט אונז קלאָר באַוויזען, אַז דאָרט, וואו מיר האָבען געזען נאָר אַ טויטע מעכאַנישע קראַפט, אַן אומבאַוועגליכע טויטע נאַטור, קומט אין אמת'ן פאָר אַ שטורעמדיגער האַסטיגער קאַמף. עס באַוועגט זיך אַ לעבעדיג וועלטעל פון אונזערע פריינד און שונאים, וואָס פאַלען אָן אויף אונז, טיילווייז העלפען אונז און מערסטענטיילס שעדיגען אונז.

אָט די וועלט האָט פאַסטער פאַר אונז אַנטדעקט.

זיין אינסטיטוט איז מיט זיין טויט ניט אָפּגעשטאָרבען, נאָר געבליבען פאַר אַ לעבעדיגען צענטער פון וויסענשאַפט, פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלע גרויסע קולטור־אינסטיטוציע.

אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט, וואו נאָר עס באַוועגט זיך דאָס קולטורעלע לעבען, ווערט פאַסטערס נאָמען דערמאָנט מיט דאַנקבאַרקייט און ערע.

איצט, ווען עס ווערט 100 יאָר פון זיין געבורטסטאָג, וועט פאַסטערס נאָמען דערמאָנט ווערען אומעטום, וואַקענדיג די קולטורעלע מענשהייט צו אומערמידליכער גרויסער אַרבייט אויף דעם ברייטען פעלד פון קולטור און וויסענשאַפט.

# אימפּאָטענץ (מענליכע שוואַכקייט)

פון דר. יוסף טענענבוים

אַ קראַנקהייט און אַ „בושה“. אַ טראַגעדיע, וואָס ווערט באַטראַכט מיט טראַגי־קאָמישע שפּאַקולען און בלייבט דאָך אַ טראַגעדיע.

גרויס איז די צאָל פון מענשען, וואָס ליידען פון מענערשוואַכקייט, אַזוי גרויס, אַז עס וואָלט כדאי געווען אַוועקצולייגען די פרומע מאַסקע און ריידען אָפען וועגען אַ פראַגע, וואָס רירט אָן דעם יסוד פון פאַמיליען־לעבען און צעשטערט אַזוי פיל גליק און אויך אַזוי פיל מענשען־לעבען. עס איז אַ צענטראַל־פראַגע, אַרום וועלכער עס דרייען זיך פאַרשידענע רעדעלאַך און פאַרוויקלען אַלץ מער דעם פאַרקניפּטען פאָדעם, און טאָמער קומט עמיצער און וויל אויפקניפּען דעם קנויל און ווייזען וואו עס ליגט דער קוואַל פון די אַלע פאַרווירונגען, אַזוי קען ער זיכער זיין, אַז די שמשים פון „אַנשטענדיגקייט“, אַלערליי פרומאַקעס און צבוע'ניקעס, וועלען אים פאַרשרייען און פאַרדרייען די פּראָסטע לאָגיק. אַזאַ מאָדנע חיה'לע איז דער מענש מיט זיינע „מאָראַלישע“ באַגריפען!

די אימפּאָטענץ איז אַ קראַנקהייט, און אַ קראַנקהייט איז אַן אומגליק, אָבער ניט קיין בושה. ווי יעדע קראַנקהייט, באַלאַנגט זי צו דאָקטאָריי און ניט אין די געהיימע לאַבירינטען פון ניי־מאָדישע כשוף־מאַכערס.

**די אימפּאָטענץ איז אַ קראַנקהייט.** עס זיינען דאָ פאַרשידענע אורזאַכען, וואָס זיינען פאַר איר פאַראַנטוואָרטליך, און אויך פאַרשידענע פאָרמען, וואָס זי קען אָננעמען. אין אַלגעמיין קען מען אונטערשיידען צווייערליי שוואַכקייטען: די שוואַכקייט צו האָבען קינדער און די שוואַכקייט צו האָבען אַ פאַרקער.

די מערסטע פאַלען פון עקרות (אומפּרוכטבאַרקייט) זיינען אַ פועל־יוצא פון מענליכער שוואַכקייט. עס איז דאַרום אַן אומזין, אַז די פרוי זאָל לויפען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען און זיך לאָזען מוטשען און שניידען, אַזוי לאַנג ווי דער מאַן איז ניט אונטערזוכט וועגען דער פעאיגקייט צו האָבען אַ געזונטען זאַמען (זרע). די זאַך איז איינפאַך און אין אַ פּאָר מינוט קען דער דאָקטאָר אַנטשיידען אויב דער מאַן איז פעאיג צו האָבען קינדער, אָדער ניט. ביי אַ געזונטען מאַן זעט מען אונטער דעם מיקראָסקאָפּ גאַנצע מחנות פון „ספּערמאַטאָ־זאָען“ (זאַמען) אַרומיאָגען זיך און פאַרקירעווען מיט די עקלאַך ווי קליינע נאָך ניט אַנטוויקעלטע זשאַבעלאַך, וואָס שווימען אין וואַסער. זיי שווימען און לויפען אַזוי גיך, אַז באַלד פאַרשווינדען די, באַלד קומען אַנדערע, ווי אויף אַ יריד, אין איילעניש. ווער ער האָט איינמאָל געזען דעם וואונדער פון דער נאַטור, דעם קאַמף, דעם געיעג פון טויזענטער ספּערמאַטאָ־זאָען, וועט דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסען. עס איז איינע פון די שענסטע און באַלערענדסטע ערשיינונגען. זיי יאָגען זיך, גלייך ווי זיי וואָלטען געוואוסט אינסטינקטיוו, אַז נאָר איינעם פון זיי איז באַשערט צו שענקען אַ ניי לעבען, און דאָס וועט זיין דער, וואָס גרייכט דעם ציל אַם שנעלסטען, וואָס געווינט דעם „רייס“.

קראַנקע ספּערמאַטאָ־זאָען קאַטשען זיך פּאַמעלאַך, ווי אָנגעפרעסענע אַלרייטניקעס. זיי האָבען צייט און וואַרטען, אַז אַנדערע זאָלען פאַר זיי טאָן די אַרבייט. ביי אַנדערע קראַנקע ווידער זיינען דאָ זייער ווייניג, אָדער גאָר אינגאַנצען טויטע, ספּערמאַטאָ־זאָען און ביי אַן אַנדערען סאָרט קראַנקע פעלען זיי אינגאַנצען. דער לעצטער פאַל איז ניט אַן אומגעוויינליכע ערשיינונג ביי מענשען, וואָס האָבען געליטען פון גאָנאָריי, קאָמפּליצירט מיט געשוואָלענע „טעסטיקעלס“.

אין אַ סך פאַלען קען מען דעם קראַנקען העלפען, און וואו מען קען ניט, איז גוט אַז מען זאָל וויסען פריער און ניט קוועלען די פרוי מיט אומנוציגע אונטערזוכונגען. יעדענפאַלס איז וויכטיג, אַז יעדער, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ גאָנאָריי (קלאַפּ), זאָל זיך לאָזען אונטערזוכען פאַר דער חתונה, צי ער איז פעאיג צו האָבען קינדער. דאָס וואָלט זיכער פאַרהיט פיל פאַמיליען־טראַגעדיעס און פאַמיליען־אומגליקען. אַ פרוי, וואָס איז געבוירען געוואָרען צו ווערען אַ מוטער, וועט קיינמאָל ניט פאַרגעבען אַ מאַן, וואָס האָט איר אַוועקגערויבט דאָס גליק.

עס זיינען ווידער דאָ אַנדערע קראַנקע, וואָס האָבען אַ גוטען זאַמען און זיינען מגדל בנים, אָבער מיט דער צייט באַמערקען זיי, אַז עפּעס איז ביי זיי ניט מיט אַלעמען.

די נאַטור איז אומבאַרמהערציג און מיינט „ביזנעס“. אָבער דאָרט, וואו די ביזנעס ערלויבען עס, האָט זי אויך ליב אַרויסצוווייזען אַביסעל הומאָר, און ווייל זי איז פּונקט אַזוי וויציג ווי אַ הונדערט פּראָצענטיגער ענגלענדער, קומען אַרויס זייער גראָבע און אומגעלומפּערטע וויצען; יעדענפאַלס זייער גרויזאַמע וויצען. אַזאַ „דזשאָוק“ איז דאָס פאַרהעלטעניש פון מאַן און ווייב אַריבער די פערציגער יאָרען. דער מאַן ווערט קילער און דאָס ווייב הייסער. זי קומט אין די יאָרען פונ'ם „געפערליכען עלטער“ און ער אין די יאָרען ווען ער הייבט אָן צו צאָלען די חובות פון דער יוגענט. אין אָט די יאָרען קומען מערסטענס פאָר די שטילע פאַמיליען־טראַגעדיעס. מערסטענס זיינען דאָס מענשען, וואָס ליידען פּסיכיש. דער מאַן איז נערוועז, ליידט פון ביזנעס־אויפרעגונגען, אָדער אַנדערע דאגות, און קען גראָד אויפ'ן מאָמענט פילען אַ שוואַכקייט; און אויב דאָס ווייב איז אַן טאַקט און אָן פאַרשטענדניש, קען זי דעם פאַראיבערגייענדען צושטאַנד מאַכען פאַר אַ שטענדיגען. דער מאַן פאַרלירט דעם גלויבען אין זיך, ווערט יעדען מאָל מער נערוועז, איבערגערייצט, און ווערט „פּסיכיש“ אימפּאָטענט. צו אַזאַ פּסיכישער שוואַכקייט זיינען גענייגט אַלע מענשען, וואָס אַרבייטען גייסטיג, ווי שריפטשטעלער, געשעפטסלייט, פּראָפעסיאָנאַליסטען, וכדומה.

גייסטיגע אָנשטרענגונג איז סם פאַר דער פּאַטענץ. הארטע פּי־זישע ארבייט, גימנאַסטישע איבונגען און, הויפּטזעכליך, דער טאַקט פון דער פרוי קען דאָ אַ סך העלפען.

זיינען אָבער דאָ אַנדערע. זיי זינדיגען ניט מיט צופיל גייסט, זיי זיינען ניט קיין בעלי־מחשבות און בייסען ניט איין וועלטען. כמעט פּיליסטערס, און פונדעסטוועגען קענען זיי די פרוי ניט באַפרידיגען. אַ סך זיינען פאַרהייראַט יאָרען לאַנג און זייערע פרויען זיינען נאָך אַלץ מיידלאַך. אויך זיי קענען באַלאַנגען צום טיפּ פון פּסיכישער אימפּאָטענץ, אָבער מערס־טענס האַנדעלט זיך דאָ וועגען אַ קראַנקהייט פון די געשלעכטס־צענטרען, אָדער געשלעכטס־דריזען (פּראָסטאַטיטים), וואָס מוזען באַהאַנדעלט ווערען אַ לענגערע צייט, איידער די הויפּט־קראַנק־הייט איז געהיילט. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז זיי מוזען אויך אונטערזוכט ווערען אויב זיי ליידען ניט פון אַלגעמיינע קראַנקהייטען, ווי צוקער־קראַנקהייטען, אָדער אַנדערע טיפערע ליידען, וואָס צעשטערען דעם געזונט און הרג'ענען אַוועק די פּאָטענץ. אויך דאָ איז די גאָנאָריי אַ מחבל און קען ביי גע־וויסע מענשען זיך אָפּרופען פיל יאָרען שפּעטער.

אָבער נישט תמיד איז די גאָנאָריי דער איינציגער פאַק־טאָר, וואָס מאַכט אַ „האָלד־אָפּ" אויף דער פּאָטענץ. עס זיינען דאָ יונגע מענשען, אין די צוואַנציגער יאָרען און אויך יונגערע אָדער עלטערע, וועלכע האָבען קיינמאָל ניט פאַרזוכט פון דעם עץ־הדעת און פונדעסטוועגען באַקלאָגען זיי זיך אויף דעם פעלען פון געשלעכטליכען דראַנג, אָדער ווען זיי קומען זיך שוין יאָ צוזאַמען מיט אַ פרוי, רינט אָפּ די זרע איידער זיי קענען האָבען רעגעל־רעכטען געשלעכטליכען פאַרקער. ביי איינינגע פון זיי קומט דאָס פון צופיל אויפרעגונג, אָבער טאַקי אַנדערע זיינען שוואַך אויך, ווען עס פעלט די גרויסע אויפרעגונג. דאָס זיינען געוויינליך מענשען, וואָס האָבען, אויס מורא פאַר אָנשטעקונג מיט קלעפּעדיגע קראַנקהייטען, זיך געהאַלטען „ריין", ווי אַ נזיר, אָבער דערפאַר צופיל געזינדיגט מיט'ן של־יד. זעלבסט־באַפרי־דיגונג, אויב עס ווערט געטריבען אַ לאַנגע צייט און אָפט (כמעט יעדען טאָג) קען אָפּשוואַכען דעם געשלעכטליכען צענטער און גראָבען אַ גרוב פאַר דער פּאָטענץ. אָבער אויך די פאַלען קענען מערסטענס געהיילט ווערען.

דאַכט זיך גענוג אורזאַכען און סבות, וואָס פירען צו דעם אומגליק פון מענליכער שוואַכקייט, אָבער דאָס איז נאָר אַ ברע־קעלע פון דער חלה, אַ כזית פון דער מוציא.

עס איז אַן אַלטע קשיא: קען מען קראַנק ווערען פון ניט האָבען קיין געשלעכטליכען פאַרקער? עס איז אַ קשיא אָן אַן ענטפער. אין ענגלאַנד האָט מען געמאַכט אַן אַנקעטע פון אַלע שיכטען פון דער באַפעלקערונג. עס האָבען זיך באַטייליגט אויך מיידלאַך און אַפילו גלחים, וואָס טאָרען ניט חתונה האָבען, זיינען אויפגערופען געוואָרען צום דין־תורה. די פראַגען זיינען געווען געשטעלט קלאָר און דייטליך און די מאַטעריאַלען זיינען שפּעטער פאַרעפענטליכט געוואָרען — אָן אַ פּסק־דין. יעדערער האָט זיך גע'פּסקנ'ט זיין אייגענעם אורטייל. און עס איז קיין וואונדער ניט. די זאַך איז זייער אינדיווידועל. איינינגע קעל־טערע נאַטורען, וואָס האַלטען ניט קיין קאָמפּאַניע, קענען אָן שאָדען בלייבען נזירים אַ לענגערע צייט, אין דער צייט, ווען הייסע, זינליכע מענשען, וואָס ווערען נאָך דערצו גערייצט אויף שריט און טריט פון אַ משוגע'נער מאָדע, וואָס פאַרדעקט און אַנטפּלעקט אַזוי קונציג געוויסע טיילען פונ'ם גוף כדי אויפצו־רייסען די אויגען, זיינען מער אויסגעזעצט דער געפאַר צו ווערען געשעדיגט פון אבסטינענץ (אַנטהאַלטזאַמקייט). אַ סך פון די פאַרשוינען פאַלען אָן אָפּער פון זעלבסטבאַפרידיגונג אָדער צו־אָפטע פּאָליציעס (געשלעכטליכע חלומות) און זיינען קאַנדי־דאַטען פאַר אַנטצינדונג פון דער „פּראָסטייט" און אימפּאָטענץ.

מיר קענען ניט די פראַגע אויסשעפּען אין אַ קורצען אַר־טיקעל. מיר ווילען דאַרום נאָך באַרירען איין פונקט, וואָס האָט אַ גרויסען שייכות צו געשלעכטליכער היגיענע און ווערט גע־וויינליך פאַרשטופּט אין אַ ווינקעלע צוליב שעמעוודיגע טעמים.

עס איז אַן עקאָנאָמישער ווידערשפּרוך, ווי דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. געשלעכטליכער פאַרקער פירט צו פּריה ורביה און אַ סך פאַמיליעס וואָלטען געקענט פּראָדוצירען כמעט אין יעדען יאָר אַ קינד. דאָס איז אָבער אַן עקאָנאָמישע קאָמפּליקאַציע פאַר אַ סך מענשען, וואָס האָבען ניט קיין קאַ־פּיטאַל און מוזען אַרבייטען מיט שוויים כדי צו דערנערען די פאַמיליע. דער פּועל־יוצא דערפון איז דער אַזוי־גערופענער „גע־בורט־קאָנטראָל", וואָס טראָגט אַ פּאָליציייסקע היטעל און עפענט די טירען צו דער תפיסה. נו, העלפען זיך מענשען. מען האַקט אָפּ דעם פאַרקער אין מיטען, און נאַרען אַזוי אָפּ ניט נאָר די "דזשאָדזשעס", נאָר אויך די נאַטור. און באַלד איז זיך נוקם די נאַטור, ווייל אַזאַ מין פאַרקער איז שעדליך, זי שוואַכט אָפּ די נערוועז און פירט אויך ניט זעלטען צו אימפּאָטענץ, אויב מען טוט דאָס אַ לאַנגע צייט. מען זאָל זיך דאַרום פון אַזעלכע מיטלען אויסהיטען. מען קען ניט און טאָר ניט די נאַטור אָפּ־נאַרען אויף אַזאַ אופן.

די אימפּאָטענץ איז אַ קראַנקהייט, וואָס אין די מערסטע פאַלען קען זי אויסגעהיילט ווערען. עס איז דעריבער וויכטיג, אַז אַזעלכע קראַנקע זאָלען זיך באַרואיגען, ווייל דורך דעם צו־פיל נאָכדענקען און גריבלען פאַרפאַלען זיי אַלץ טיפער און טי־פער אין דער שטופּע, וואָס פירט צו געשלעכטליכען שגעון און דערנידערונג. אַ קאַלטער קאָפּ היילט, אָדער העלפט היילען, די קראַנקהייט, און אַ קלוגע פרוי איז די ערשטע רפואה אין פאַר־לויף פון אַזאַ קראַנקהייט. אויב דער אַרטיקעל קען ברענגען אַ שטראַל פון האָפענונג פאַר די פאַרצווייפעלטע, וואָס איבער־טרייבען יעדע קליינינגקייט און מאַכען פון אַן אַרבעס אַ גאַנצען קירבעס, אַזוי בין איך צופרידען. זעלבסט־באַהערשונג און פאַר־טרויען צו זיך אַליין איז אַ וויכטיגע מעדיצין פאַר געשלעכטלי־כער שוואַכקייט.

# דער מוק און דער זשוק

(פאַבעל)

פון נחום י.

דער גוט-באַוואוסטער מוק, וואָס האָט דעם לייב באַזיגט,
האָט פאַר אַ קליינינגקייט זיך מיט'ן זשוק צעקריגט
און האָט זיך מיט אַ מורא'דיגען זשומען
צום הארטען זשוק גענומען:
— „איך בין דאָך ניט קיין לייב" — האָט יענער באַלד
צום מוק זיך אָפּגערופען גאווה'דיג און קאַלט, —
„און ניט נאָר דו — אַ מחנה פליגען
וועט אויך ניט קאָנען מיך באַזיגען..."

# קאָרעספּאָנדענציע

(הומאָרעסקע)

פון י. ליבמאַן

בערל קלינגמאַן האָט געהאַט זיין באַזונדערע אויפפאַסונג פון אינטעליגענץ. פאַר אן אינטעליגענט האָט ער געהאַלטען דעם, וואָס פלעגט דערהאַלטען אַ סך קאָרעספּאָנדענציעס. ער האָט געוואוסט אַז אַלע שרייבער, דאָקטוירים, וועלט־סוחרים און כלל־טוער דערהאַלטען טאָג־טעגליך אַ מאַסע קאָרעספּאָנדענציע, בעת די פּראָסטע, די אָרימע באַקומען אַ בריוועל איינמאָל אין אַ יובל.

ער האָט געוואוסט אַז ניט נאָר אין אַמעריקע איז עס אַזוי, נאָר עס איז איבעראַל דאָס זעלבע. אַפילו אין זיין געבורטס־שטעטעל פּ. איז אויך געווען אַזוי. בערל קלינגמאַן געדענקט ווי טאָג אין טאָג פלעגט ער גיין אויף פּאָטשט. פונדעסטוועגען פלעגט ער באַקומען בלויז איינמאָל אין וואָך, אָדער אין צוויי וואָכען אַ בריוועל פון זיין טאַטען אין אַמעריקע, בעת די גבירים, די אינטעליגענטען, פלעגען אָפּנעמען יעדען טאָג פּעק מיט בריף.

ער געדענקט נאָך ווי אַזוי ער פלעגט מקנא זיין דעם אַפּטייקער גורעוויטש, דעם אַדוואָקאַט פערטשוק, אָדער מענדעל ראַשעס, ווען יעדער פון זיי פלעגט כמעט יעדען טאָג באַקומען קאָרעספּאָנדענציע. ער האָט אָבער געוואוסט, אַז זיין טאַטע וועט אים באַלד אַריבערנעמען אין אַמעריקע, וואו ער וועט אייך קענען ווערען אַן אינטעליגענט . . .

שוין פאָרענדיג אויפ'ן שיף האָט ער אויסגעאַרבייט אַ צעטעל פון חברים, קרובים, שכנים און באַקאַנטע, וועמען ער וועט שרייבען בריף, גלייך ווי ער וועט נאָר קומען אין נוי־יאָרק. דערצו האָט ער נאָך קרובים אין שיקאַגאָ, קענזעס סיטי און מילוואָקי, וועמען ער וועט דאַרפען איבערגעבען שריפטליכע גרוסען פון דער היים, פון דעם שטעטעל פּ.

און ווי גרויס עס איז געווען זיין שמחה, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען באַקומען ענטפערס אויף זיינע בריף! וואָס גרעסער זיין קאָרעספּאָנדענציע, אַלץ גרעסער — האָט ער געפילט — וואַקסט זיין אינטעליגענץ.

אָט דעם געפיל, אָט די שמחה האָט ער אויסגעדריקט ביי יעדער געלעגענהייט. ער האָט ליב געהאַט ריידען איבער דעם. גאַנץ אָפט פלעגט בערלען געלונגען צו פאַרפירען אַ שמועס וועגען דעם מיט זיינע אַמעריקאַנער פריינט. פון דעם שמועס פלעגט זיך שוין דערוועקען אַ וואַרימע דיסקוסיע מכח די סימנים פון אינטעליגענץ. קיינער פון בערלס חברים האָבען ניט מסכים געווען מיט אים וועגען זיין אויפפאַסונג פון אינטעליגענץ. אייניגע פון זיי האָבען געהאַלטען אַז אַן אינטעליגענט איז דער, וואָס באַזיצט בילדונג; אַנדערע זיינען געווען מיט דער מיינונג אַז אַן אינטעליגענט איז דער, וואָס ווייסט ווי זיך צו האַלטען שיין אין אַ געזעלשאַפט; אַנדערע, ווידער, האָבען גע'טענה'ט אַז אַן אינטעליגענט איז דער, וואָס קען זיך אָריענטירען אין געזעלשאַפטליכע ענינים. בערל פלעגט זיך היצען און שרייען און פלעגט פּרובירען באַווייזען אַז דאָס הויפּט־קריטעריום פון אינטעליגענץ איז די גרויס פון דער קאָרעספּאָנדענציע וואָס מען באַקומט. צווישען די פאַרשידענע ראיות פלעגט ער אויך אָנווייזען אויף זיין קאָזין, מעקס דער סטודענט פון מעדיצינישען פאַקולטעט, וואָס האָט שוין געהאַלטען ביים ענדיגען אַלס דאָקטאָר, און פונדעסטוועגען איז ער, בערל, אַ גרעסערער אינטעליגענט פון אים, וואָס באַקומט אַ בריוועל איינמאָל אין אַ שמיטה . . .

בערל פלעגט אומישנע ניט באַזוכען אָפט זיינע פריינט, כדי זיי זאָלען אים פרעגען פאַרוואָס ער קומט צו זיי ניט, וועט ער דערווייל קריגען אַ געלעגענהייט זיך פאַרענטפערען אַז ער איז זייער פאַרנומען, אַז זיין קאָרעספּאָנדענץ וואַקסט פון טאָג צו טאָג, אַז ער שרייבט זיך דורך מיט דער גאַנצער וועלט, מיט רוסלאַנד, אַמעריקע, און וואו ניט? עפּעס אַ קלייניגקייט צו זיין אַן אינטעליגענט!

קלינגמאַן פלעגט קענען אָפּזיצען שטונדען לאַנג סאָרטירענדיג זיינע אַלטע בריף. איבערהויפּט פלעגט ער זיך פאַרנעמען מיט צעוואַרפען און אויפלייגען זיינע אַלטע בריף, ווען ער פלעגט וויסען אַז אימיצער דאַרף קומען צו אים . . .

פון קיין אַנדער זאַך האָט קלינגמאַן ניט געהאַט אַזוי פיל פאַרגעניגען, ווי ווען ער פלעגט קומען אַהיים פון דער אַרבייט און פלעגט דערוויסען אַ פּעקעל בריף פאַר אים. ער פלעגט באַטראַכטען פריער יעדען וואָרט פון דעם אַדרעס. פלעגט בשעת מעשה טראַכטען אַז אַ גאַנצע וועלט האָט אים, בערלען, אין זינען. פלעגט דאַן עפענען פאָרזיכטיג יעדען בריף, פלעגט עס איבערלייענען עטליכע מאָל, און פלעגט פילען אַז מיט יעדען נייעם בריף באַקומט ער אַ נייעם פריינט.

צייטענווייז פלעגט זיך זיין פאַנטאַזיע צעשפּילען און ער פלעגט זיך פאָרשטעלען אַז באַלד וועט זיין קאָרעספּאָנדענציע זיך אַזוי צעוואַקסען, אַז ער, בערל, וועט נאָך ווערען אַ גרעסערער אינטעליגענט ווי מענדעל ראַשעס און אַפילו פונ'ם אַדוואָקאַט פערטשוק . . .

אָבער, ווי אויף צו להכעיס, איז זיין קאָרעספּאָנדענץ קלענער געוואָרען. עס איז אים שוין מיאוס געוואָרען צו איבערחזר'ן אין זיינע בריף אין רוסלאַנד וועגען זיין לעבען אין אַמעריקע, אָדער וועגען דעם אַמעריקאַנעם לעבען בכלל. עס האָט זיך אים אויך אויסגעשעפּט דער שרייב־מאַטעריאַל פאַר זיינע אַמעריקאַנער קרובים. ניט ענטפערענדיג אויף זייערע אייניגע בריף האָבען זיי אים אויפגעהערט שרייבען, און ביסלעכווייז האָט זיך זיין גאַנצע קאָרעספּאָנדענציע אָפּגעשטעלט.

זינט דאַן האָט זיך אויף בערלען אָנגעצויגען אַ מרה־שחורה. זיינע חברים פלעגען זיך וויצלען אויף זיין חשבון: — בערל איז פאַרליבט, דערפאַר האָט ער אָנגעוואָרען דעם אַפּעטיט צום עסען. אַנדערע פלעגען אים ראַטען אונטערזוכט ווערען פון אַ דאָקטאָר. קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט די אמת'ע סיבה פון בערל קלינגמאַנס קרענק . . .

בלויז זיין קאָזין, דער סטודענט, האָט זיך ערנסטער באַצויגען צו דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערלען. ער פלעגט אים מיטנעמען צו פאַרשידענע פאַרוויילונגען און קאָנצערטען, ווילענדיג אַריינברענגען בערלען אין אַ בעסערער שטימונג. איינמאָל האָט ער אים מיטגענומען צו אַ מיטינג פון אַן אַרבייטער רינג ברענטש. גייענדיג צוריק האָט אים זיין קאָזין געפרעגט:

— ווי געפעלט דיר עפּעס דער דרך־ארץ, וואָס זיי האָבען פאַר מיר? דאַכט זיך זיי האָבען קיין חשק ניט געהאַט צו שטיצען די פּאָליטישע אַרעסטירטע, אָבער אַז איך האָב גענומען דאָס וואָרט, האָסטו געזען, ווי זיי האָבען אָנגעפאַנגען ריידען גאָר אַנדערע דיבורים?

— יע, דאָס איז ריכטיג. אָבער, זאָג מיר, האָט איר צו יעדען מיטינג אַזוי פיל צושריפטען? פון וואַנען באַקומט איר דאָס אַזוי פיל? איז דאָס בלויז ביי אַן אַרבייטער רינג ברענטש, צי יעדע אָרגאַניזאַציע באַקומט דאָס אַזוי פיל בריף?

— כמעט צו יעדען מיטינג האָבען מיר אַ היבש ביסעל צושריפטען. אַ טייל צושריפטען קומען אָן פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אָבער מערסטענטייל קומען אָן די צושריפטען פון

אָרגאניזאציעס, פארטייען, אינסטיטוציעס, וואָס בעטען פינאנציעלע שטיצע ביי דעם רייכען פעטער, ביים ארבייטער רינג. קיין אנדער אָרגאניזאציע האָט ניט אזוי פיל געלט און אזוי פיל מיטגלידער ווי דער ארבייטער רינג און במילא האָט זי ניט אזוי פיל צושריפטען.

— אייער סעקרעטאר מוז זיין א גרויסער אינטעליגענט...

— נישקשה.

— כ'מיין, ער קען אונז ביידען פארשטעקען אין ארבעל.

— קען זיין.

די קאָרעספּאָנדענציע פון דעם ארבייטער רינג האָט געשוועבט אָן אָן אויפהער פאר בערלס אויגען און האָבען אים ניט געלאָזט רוען: וואָרום זאָל ער ניט קענען ווערען קיין קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאר פון ארבייטער רינג ברענטש? זיכער קען ער ווערען! און אפשר וועט מען אים ניט ערוויילען פאר דעם אמט? נישקשה, ער וועט בעטען זיין קאָזין, ער זאָל אים נאָמינירען פאר קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאר. וואָס, ס'איז ניט שיין?

ששששאאאא! ער וועט גאָר גרינדען אַן אייגענעם ארבייטער רינג ברענטש! וואָס די לאנדסלייט פון מ. אָדער פון ס. מעגען זיין אָרגאניזירט אין ארבייטער רינג ברענטשעס און זיינע לאנדסלייט ניט? נאָך אָט דעם זונטאָג וועט ער אריבערגיין צו מעקסען, דזשייקען, וועט מיט זיי פאָרען אין בראָנזוויל צו זיינע לאנדסלייט, און נאָך אָט דעם זונטאָג וועט אוועקגעלייגט ווערען דער פונדאמענט פאר'ן נייעם ברענטש.

גליקליך מיט זיין פלאַן, האָט זיך בערל געלייגט שלאָפען. ער האָט שוין אָבער, יענע נאכט ניט געשלאָפען. ער האָט געטראכט וועגען די ארגומענטען, וואָס ער וועט דארפען געבען זיינע לאנדסלייט פאר'ן אָנשליסען אָן דעם ארבייטער רינג ברענטש. ער וועט זיי ווייזען די וויכטיגקייט פון לעבענס־פארזיכערונג, געגענזייטיגע אונטערשטיצונג, קולטורעלע ארבייט, קאָאָפּעראַטיווע טעטיגקייט, א. אז. וו. זיי וועלען זיך אַלע אָנכאַפּען אָן אָט דעם מערקווירדיגען פלאַן און אין פארלויף פון א פאָר וואָכען וועט שוין עקזיסטירען דער נייער ברענטש, פון וועלכען ער וועט זיין דער קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאר, און יעדען טאָג, נאָך דער ארבייט, קומענדיג אהיים, וועט ער דערוויסען פּעק מיט קאָרעספּאָנדענציע...

# די פרוי און די היים

פון רחל האַלטמאַן

דאָ אין לאנד גייט איצט אָן א שטארקע באוועגונג איינצוּוואָרצלען אין דער פרוי מער ליבע און צוגעבונדענקייט צו איר היים. אזעלכע אָרגאניזאציעס, ווי די „פּארענט־טיטשערס אסאָסיאיישאָן", טשאילדרס קאָסערוויישאָן ליג", מאָטהערס קאָנגרעס", ווימענס קלאָבס" און א טוץ אנדערע אָרגאניזאציעס, גיבען זיך אָפּ זייער פיל דערמיט, אז די היים זאָל זיין ניט בלויז א פלאַץ, וואו מען שלאָפט און עסט, א מין באָרדינג־הויז, וואו מען קריגט צוויי אָדער דריי מאָלצייטען א טאָג, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די מערסטע היימען היינט צו טאָג, נאָר זאָל ווערען דער פאמיליען־צענטער פון פרייד, באקוועמליכקייט און וואַרימען געגענזייטיגען אינטערעס.

מערי א. סוויני, איינע פון די לייטענדע גייסטער אין די „ווימענס קלאָבס", שרייבט: „עס איז נאָך קיינמאָל אין דער פארגאנגענהייט ניט געווען אזוי נייטיג ווי איצט, אז די היים אין אמעריקע זאָל ווערען א וויכטיגער פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און געזעלשאפטליכער פאקטאָר. עס איז נאָך קיינמאָל אין דער פארגאנגענהייט ניט געווען אזוי נייטיג ווי איצט, אז די דירעקטע פארוואנדשאפט צווישען אמעריקעס צוקונפט און דער אמעריקאנער היים זאָל זיך בולט לאָזען פילען; קיינמאָל איז נאָך ניט געווען אזוי וויכטיג פאר דער אינדוסטריע, האנדעל און פאר דער וועלט בכלל צו וויסען, וואָס מען טוט, וואָס מען זאָגט און וואָס מען טראכט אין אמעריקאנער היים. די אַלע מינים פאָדערונגען, וואָס ווערען געשטעלט דער אמעריקאנער היים; דער זאָרט בילדונג, וואָס ווערט געגעבען און ווערט אין דער היים גופא באנוצט, און די אויסטייטשונג פון דעם באגריף „היים" אין אלגעמיין, האָט די גרעסטע באדייטונג פאר דער גאנצער מאָדערנער ציוויליזאציע".

עס איז קיין צווייפעל ניט, אז די אויבענדערמאָנטע אָרגאניזאציעס האָבען פאר זיך א גרויסע און שווערע אויפגאבע, קוים באטראכטען זיי די „היים" מיט די אויגען פון מערי א. סוויני. די אויפגאבע ווערט נאָך שווערער און קאָמפּליצירטער דורכדעם וואָס די באטרעפענדע אָרגאניזאציעס ריידען סתם פון פרויען און מאכען קיין אונטערשיד ניט, וואָס די פרויען — די בויער פון די היימען — זיינען איינגעטיילט אין קלאסען. און אז די היימען פון יעדען קלאס אמאָל און היינט אונטערשיידען זיך זייער שטארק.

אין אמאָליגע צייטען, ווען אין דער היים פלעגט מען פּראָדוצירען אַלץ פאר'ן אייגענעם געברויך, ווען מען האָט ניט געקענט אָפּטיילען די היים פון דער פרנסה, איז די פרוי געווען די הויפּט אויפטוערין. זי האָט פארבראכט איר גאנצען לעבען אין די רייען פון איר פאמיליע און האָט ניט געשטרעבט אפילו צו וויסען, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט שוועל פון איר היים. זי האָט ניט נאָר געקאָכט, געוואשען און גערייניגט לאָטעס, נאָר האָט אויך גענייט קליידער, געשטריקט זאָקען, געהעקעלט שפּיצען; מארינירט, געראָיכערט און איינגעזאלצען פארשידענע עסענוואַרג. דאָס איז אָבער געווען אין אמאָליגע צייטען, ווען די אינדוסטריען און האנדעל זיינען נאָך ווייניג געווען אנטוויקעלט, ווען דער גאנצער וואוילזיין פון דער פאמיליע איז געווען אָפּהענגיג פון דעם, ווי אזוי די פרוי האָט ערפילט אירע פליכטען אין דער היים.

היינט צו טאָג איז די לאגע געוואָרען א גאנץ אנדערע. א גרויסער טייל פרויען, וואָס וויל א גוטע, אנגענעמע היים, קען דאָס ניט דערגרייכען. דער צווייטער טייל האָט אַלעם נאָך צופיל, אָבער איז צו פויל זיך צו „באדערען" מיט א היים. דאָס וואָס איין טייל פרויען האָבען זיך באפרייט פון פיל, פיל ארבייטען פון אמאָל, איז א דאנק דעם פּראָגרעס פון טעכניק. פון פיל ארבייטען, וואָס אונזערע באָבעס און עלטער־באָבעס האָבען געדאַרפט טאָן, כדי אויפצוהאלטען די פאמיליע, איז די איצטיגע פרוי באפרייט געוואָרען. עס לוינט זיך שוין איצט ניט צו נייען אַליין, שטריקען אָדער מארינירען. דאָס טוט פאר דער פרוי די פאבריק פיל בעסער און ביליגער.

וואָס האָט אָבער פאסירט מיט דער היים, אז מען האָט זיך מיט אמאָל ארומגעקוקט, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, אז מען דארף זי ראטעווען? צוליב דער אנטוויקעלטער טעכניק האָט דאָך די אמעריקאנער פרוי, אפילו די אָרימע, געקראָגען אזוי פיל פרייע צייט, אז זי קען ממש אויפטאָן וואונדער. די פרוי וואָלט דאָך איצט געדאַרפט האָבען א מעגליכקייט צו פארוואנדלען איר הויז אין א ווירקליכער היים, נאָך מער, ווי ווען עס איז פריער.

דער אמת איז, אז די אנטוויקעלטע אינדוסטריע האָט די מערסטע טייל פרויען ניט באפרייט פון ארבייט. אין אמעריקע זיינען פאראַן ארום 9 מיליאָן פרויען, וואָס ארבייטער אין

פארשידענע אינדוסטריען און אונטערנעמונגען. פון זיי זיינען א העלפט פארהייראטע פרויען. אט די פרויען קענען זיך זייער וויניג אפגעבען מיט א היים, ווי שטארק עס זאל זיי זיך דאס ניט געלוסטען. א היים פאדערט, א חוץ געלט, נאך פיל פרייע צייט.

דער צווייטער זארט פארהייראטע פרויען, וואס גייט ניט ארבייטען אויס'ן הויז, האט קיינמאל ניט גענוג פרייע צייט, ווייל זי מוז מיט אירע מאגערע פארדינסטען זען אויסמארקירען אזוי, אז עס זאל פאר אלצדינג קלעקען, וואס דער איינציגער פארדינער ברענגט אריין אין הויז. זי מוז זיך שטארק אנשטרענגען אין איר ארבייט, ווייל די אלע פארלייכטערונגען, וואס זי האט געקראגען פון פארשידענע מאשינען, אינסטרומענטען און הויז־איינריכטונגען אין איר ווירטשאפט, קענען איר הויז־ארבייט ניט פארלייכטערען. אזא מאדערניזירטע ווירטשאפט פאדערט גרויסע פינאנציעלע מעגליכקייטען. די ארבייטער־פרוי איז נאך אלץ געצוואונגען וואשען, רייניגען און קאכען אויפ'ן אלטען שטייגער. און אט די שווערע ארבייטען מוז די ארימע פרוי דורכפירען טאג איין, טאג אויס. פארברענגען גאנצע טעג אין אן אפגעזונדערטער קיך, אין דער צייט וואס די פרוי אין פאבריק האט וויניגסטענס ארום זיך מענשען, מיט וועמען זי קען אויסריידען א ווארט, — אט דאס שטענדיגע אליין זיין ביי דער מאנאטאנער הויז־ארבייט מאכט די פרוי נערוועז, פארביטערט און קליינליך אין אירע באגריפען און באציאונגען.

ווי עס שיינט, האבען די געערטע סאסייעטי ליידיס ניט געהאט אין זינען אט די אויבענדערמאנטע צוויי קאטעגאריעס פארהייראטע פרויען, ווען זיי האבען אנגעפאנגען א באוועגונג פאר א „בעסערער היים“ אין אמעריקע. זיי האבען געוויס געמיינט אן אנדער זארט פרויען — פרויען פון דעם אזוי־גערופענעם פארמעגליכען קלאס (ליזשור קלעס), דעמזעלבען קלאס געוויס, וואס נעמט זיך טאקע א רעכט ביסעל פרייע צייט זיך צו פוצען אין שיינע קליידער, צו פארברענגען אין בארימטע זומער־פלעצער, ביים ברעג ים, אין קאבארעטען און ביי בעלער. דער זעלבער קלאס פרויען, פאר וועמען א שטילע, רואיגע „היים“ איז גאר אן אפקומעניש, ווען עס זיינען דא אזוי שפאנענד־פארכאפענדע פארוויילונגען אינ'ם גרויס־שטעטישען לעבען, מיט זיינע שרייענדע רעקלאמעס אויף יעדען שריט און טריט, מיט אויטאמאביל־„ריידס“, „דזשעז“ און אנדערע פארמען פון געקינצעלטען מאדערנעם לעבען.

ווי דער שטייגער איז מיט רעפארמער, זוכען זיי צו לייגען לאטעס, וואו לאטעס קענען שוין ניט העלפען. זיי זוכען אויסצוגלייכען די ווידערשפרוכען פון דער היים דורכדעם, וואס זיי וועלען רעפארמירען די שול. ווען דאס פראגראם פון בילדונג וואלט כלומר'שט געווען אן אנדערער, טענה'ן זיי, וואלט די היים היינט צו טאג געווען אן אנדערע. זי וואלט ניט געווען אזוי אפגעזונדערט, אזוי קאלט, עס וואלט דארט געהערשט מער ליבע און פארשטענדניש.

די געערטע דאמען פון די פארשידענע סאסייעטיס קענען ניט און ווילען ניט איינזען, אז דער באנקראט פון דער איצטיגער „היים“ איז בלויז א פראדוקט פון דער קאפיטאליסטישער הפקרות, און אז די היים מאכט דורך פארשידענע פעריאדען, אקוראט ווי עס ענדערט זיך ביסלעכווייז יעדער אנדערער טייל פון דער סטרוקטור פון אונזער געזעלשאפט. שוין דאס אליין, וואס מאכט מעגליך פאר איין טייל פרויען צו לעבען אין ווילדען לוקסוס, אין דער צייט וואס דער אנדערער טייל האט ניט קיין מעגליכקייט צו באפרידיגען די נויטווענדיגסטע באדערפענישען און מוז אומערמידליך שקלאפען אין פאבריק און אין הויז, ווייזט בולט, אז די איצטיגע „היים“ האט קיין באדען ניט, און מוז פונדאמענטאל געענדערט ווערען.

כדי צוריק איינצופירען די היים פון די אלטע גוטע צייטען, רעקאמענדירען די דאזיגע רעפארמער אנצופאנגען נאך אין דער עלעמענטארער שול און ענדיגען ערשט אין קאלעדזש א פראגראם פון נייען, קאכען, רייניגען א. אז. וו. אקוראט ווי דאס וואלט געווען די הויפט־זאך אין באשאפען אן אידעאלע היים. זיי רעקאמענדירען אויך פאר די העכערע שולען צו ארגאניזירען קלובען, וואו מען זאל זינגען לידער, וועלכע פארהערליכען הויז־ארבייט, מען זאל אויסטיילען מעדאלען און געבען מאטעריעלע שטיצע צו די, וועלכע ווילען מאכען עקסקוירסיעס מיט דעם צוועק צו שטודירען ווירטשאפט אין א ברייטערען מאסשטאב. „עס איז א טענדענץ“, זאגען די זעלבע, „צוצוגרייטען מיידלאך פאר פארשידענע פראפעסיעס, ווי סטענאגראפיסטקעס, בוכהאלטערינס, לערערינס א. אז. וו. דער עולם פארגעסט אבער, אז דאס וויכטיגסטע אין לעבען איז זיך צוגרייטען פאר א היים“.

ווען מען זאל זיך שטעלען אויף זייער שטאנדפונקט און באטראכטען דאס אלס דאס וויכטיגסטע, איז די פראגע אבער, צי קענען רעפארמען אין אזא פאל העלפען?

ווען די רייכע פרוי זאל זיך אפילו אויסלערנען, מיט דער הילף פון דער שול, צו זיין אן אויסגעצייכנטע ווירטין, וועט זי דאך אירע קענטנישען סיי־ווי־סיי ניט אנווענדען אין לעבען, ווע זי האט א מעגליכקייט, אז די גאנצע ארבייט זאל אפגעטאן ווערען פון דינסטען און באדינער; ווען קיין זאך האלט זי ניט אפ פון איבערגעבען זיך צו פארשידענע „גוד־טאימס“, אנשטאט צו פארנעמען זיך מיט וועלכער עס איז נודנער הויז־ארבייט.

און די ארימע פרוי וועט נאך וויניגער געווינען פון אט די רעפארמען פאר דער פארוואנדלונג פון איר הויז אין א ווירקליכער היים. איז דאס א פרוי, וואס איז געצוואונגען צו גיין וואו עס איז ארבייטען, קען זי דאך זיך בכלל ניט באנוצען מיט די רעפארמען. און איז דאס אן ארימע פרוי, וועלכע רייסט זיך ניט פון דער הויז, הגם דעם מאנס פארדינסטען שטייען קוים אויף וואסער פאר קאשע, וועט זי דאך נאך אלין זיין פארטאן אין דעם עקאנאמיזירען אויף אזוי פיל, אז זי וועט גאר ניט קענען ענדערען אין איר היים.

רעפארמען, בפרט נאך אזעלכע נארישע רעפארמען, קענען ניט העלפען, וואו מען דארף א ראדיקאלע ענדערונג, וואו די גאנצע געזעלשאפט דארף איבערגעבויט ווערען אויף גאנץ נייע יסודות.

## אויפמערקזאם!

צוליב דעם וואס די נאכפראגע נאך דעם סעט פון די 6 ביכער, ליטווינ'ס „אידישע נשמות“, איז גרעסער ווי מיר האבען פריער ערווארט, ווערט ארויסגעגעבען נאך א ספעציעלע אויסגאבע. די וואס ווילען ארדערען די ביכער מוזען זיך דעריבער צואיילען, ווייל אויך די נייע אויסגאבע וועט ניט קענען אנהאלטען לענגער ווי א מאנאט, לויט דער גרויסער צאל באשטעלונגען וואס קומען אריין. דער פרייז פון סעט איז $4.00 פאר ניט מיטגלידער $10.

# אונזערע קולטור־טרעגער

(אנטקעגען דעם וואס איר זאגט בילדונגס־ארבייט.)

פון ל. לעהרער

עס האט זיך מיר אמאל אויסגעוויזען, אז ווען מען וואלט געקענט אזוי שנעל בייטען דעם מענשען ווי מען קען בייטען די וועלט, וואלטען די רעזולטאטען פון אלע היסטארישע רעוואלוציעס געווען בעסערע, און דער חלום פון משיח'ס צייטען וואלט שוין געהערט צו דער פארגאנגענהייט. ווען איך האב זיך אבער צוגעקוקט צו די טיפע ענדערונגען, וואס זיינען אין א קורצער צייט, פארגעקומען מיט מיין חבר בערלען, האב איך שוין חרטה געקראגען אויפ'ן פריערדיגען געדאנק.

בערל איז א חבר מיינער נאך פון דער אלטער היים. געווען א מענש מיט א פייערדיגען טעמפּעראמענט. א אידעאלער אגיטאטאר, וואס האט געהאט דאס גרעסטע פארגעניגען פון די באוועגונגען פון זיינע שפראך־ארגאנען. ער האט שטענדיג גערעדט מיט היץ און אינערליכער איבערצייגונג סיי וועגען דער ריכטיגקייט פון מארקס'עס טעאריע, סיי וועגען דער מיאוסקייט פון א הארטען קעפּעלוש. די זיכערקייט פון זיין טאן האט געוואונען דאס הארץ פון יעדען סקעפּטיקער, און אפילו די וואס זיינען נאך ניט געווען איבערצייגט, פלעגען אויס מורא פאר זיין צונג מסכים זיין מיט אים.

אין דעבאטעס מיט געגנערישע פארטייען האט ער זיך געפילט ווי א פיש אין וואסער. וואו עס האט אים אויסגעפעלט לאגישער כח, האט ער זיך באנוצט מיט סענטימענטאלען פייער, און ווען זיין פייער האט ניט געווירקט, האט ער באנוצט דאס קאלטע וואסער פון זיין סארקאזם. פאר זיין פארטיי איז ער נאטירליך געווען א גרויס געווינס, און ווען מען פלעגט אים איראניש קאמפּלימענטירען: „באהיט זאל מען ווערען פון בערל'שע מיילער און גוי'אישע הענט", פלעגט ער ארויסווייזען די צופרידענקייט פון א מענשען, וואס איז שוין זיכער מיט זיין באזונדערער פאזיציע אין דער וועלט.

שפּעטער, אין די גסיסה־טעג פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע, בעת די פארטיי־טוער האבען זיך גענומען צו דער שיינער ליטעראטור, האט אויך בערל זיך גענומען גליטשען אויפ'ן זעלבען גלאטיגען וועג. אמת, דא איז זיין מויל ניט

---

נפתלי:

# אויפגעכאפּטע סצענקעס

(געהערט און געזען ביי אונזערע ברענטש־מיטינגען)

## דער כבוד פון ברענטש איז געראטעוועט!

מ'האלט ביי צושריפטען.

מיט עטליכע פון די פארגעלעזענע צושריפטען האט זיך דער טשערמאן אויף גיך אפּגעפּארטיגט. איינעם אפּגעלייגט אויף נעקסטען מיטינג, א צווייטען איבערגעשיקט צו דער לאקאלער עקזעקוטיוו קאמיטע, א דריטען „געטייבעלט". איינעם בלויז האט מען אויפגענומען צום פארהאנדלען. דאס איז געווען א בריף פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע וועגען דעם האספּיטאל אין סאוועט־רוסלאנד. מ'האט וויסען די ברענטשעס, אז דער פאנד האלט ביים געשלאסען ווערען, אויב דער ברענטש האט באוויליגט געלט — זאל מען דאס גלייך אריינשיקען אין דזשענעראל אפיס, און אויב מען האט נאך גאר ניט געגעבען ז א ל מען געבען.

נעמט א מיטגליד דאס ווארט, רעדט זייער ווארים און שלאגט פאר צו געבען פינף־און־צוואנציג דאלאר.

שטעלט זיך אויף דער פינאנץ סעקרעטאר און ערקלערט, אז מ'קען אזא סומע ניט געבען. די קאסע, זאגט ער, איז פּוסט. ער וואלט אודאי געוואלט מען זאל געבען, פאר וואס ניט? ס'איז זייער א שיינע זאך אן ארבייטער־רינג האספּיטאל אין רוסלאנד, אבער וואס קען מען זיך העלפען אז ס'איז ניטא פ ו ן ו ו א נ ע ן צו געבען, געוועזן א סך קראנקע און נויטליידענדע מיטגלידער, מ'האט אלעמען געמוזט שטיצען, און דער ברענטש האט זיך פשוט אויסגעבייטעלט.

און אז דער פינאנץ סעקרעטאר זאגט, אז ס'איז ניטא, וועט דאך קיינער ניט מעיז פנים זיין און זאגען אז ס'איז יא דא. וויל שוין דער טשערמאן איבערגיין צום נעקסטען פונקט פון טאג־ארדענונג, נאר ער ווערט אפּגעשטעלט. פון א זייטיגען ווינקעל אין מיטינג־לאקאל הערט זיך אן אויפרוף: — „טשערמאן! ווארט א וויילעטשקע, גיט מ י ר דאס ווארט". און נאך איידער דער טשערמאן האט צייט געהאט זיך ארומצוקוקען פון וואנען דער אויסרוף איז געקומען, שטייט שוין „אויפ'ן פלאר" א יונגער־מאן מיט א צעפלאמטען פנים און רעדט מיט היץ: „וואס ווייסט, — זאגט ער, — מיר וועלען דורכלאזען אזא צושריפט און גארניט געבען? אונזער ברענטש האט א ל ע מאל, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען אזעלכע נאבעלע אונטערנעמונגען, געגעבען די שענסטע סומען. איך בין פון די ערשטע מיטגלידער פון ברענטש, און איך געדענק ניט, אז מיר זאלען ווען עס איז האבען דורכגעלאזט ניט צו שטיצען א וויכטיגע א. ר. אונטערנעמונג. קענט איר דורכלאזען, אז אונזער ברענטש זאל ניט זיין אויף דער ליסט פון די וואס האבען א חלק אין דער אויפבויאונג פון א האספּיטאל אין רוסלאנד אויפ'ן נאמען פון א. ר.? אונזערע פנימ'ער וועלען דאך דארפען פלאמען פאר חרפה, אז מיר'ן ניט זען אונזער ברענטש אויף דער ליסט. באשר דער ברענטש איז אביסעל פארענגט און קען ניט געבען, נו איז וואס? איז שוין גאר קיין עצה ניטא? מ י ר קענען דאך אבער געבען פאר'ן ברענטש! זאל יעדער איינער געבען וויפיל ער קען און וויפיל עס וועט זיך צוזאמענקלייבען, וועלען מיר עס אריינשיקען אין דזשענעראל אפיס אויפ'ן נאמען פון ברענטש. איך אליין מאך דעם אנפאנג און גיב די ערשטע פינף דאלאר!"

— א פארשלאג צו מאכען א קאלעקשאן! — האט איינער אויסגעשריגען. און עס האט אנגעהויבען פליען געלט פון אלע זייטען: פינף דאלאר, דריי דאלאר, צוויי דאלאר, איינציגע און האלבע דאלארס.

דער סעקרעטאר אנאנסירט, אז די זאמלונג האט אריינגעטראגען דריי און פערציג דאלאר.

— דאס איז פיין! זייער פיין! — האט דער יונגערמאן אויסגערופען מיט באגייסטערונג. און האט באלד פארגעשלאגען, אז דער ברענטש זאל פון דער קאסע צולייגען נאך זיבען דאלאר, כדי ס'זאל זיין א גאנצער פופציגער.

דער פארשלאג איז באגלייט געווארען מיט אפּלאדיסמענטען.

דער יונגערמאן איז געווען אין זיבעטען הימעל. זיין פנים האט געשיינט פון גליק.

דער כבוד פון זיין ברענטש איז געראטעוועט!

* * *

## דער מיטינג גייט אויף רעדלאך!

אויף דער „רעדנער ליסט" האט שוין דער טשערמאן פארצייכענט וואסערע עלף־צוועלף נעמען פון מיטגלידער, וואס האבען זיך פארשריבען צום ווארט. צוויי רעדנער האבען שוין זייערס אפּגערעדט, איינער שטייט נאך „אויפ'ן פלאר" און דאס מעלדען זיך צום ווארט האלט נאך אן. כמעט אלע מינוט הערט זיך א קנאק פון פינגער און באלד נאכדעם אן אויסגעשריי:

— טשערמאן! פארשרייבט מ י ר א ווארט!

האנדלען האנדעלט זיך דא וועגען זייער אן אינטערעסאנטער פראגע. אלע זיינען נערוועז, אויפגערעגט, און אלע ווילען ריידען.

מיט עטליכע מיטינגען צוריק איז געקומען א מיטגליד און ערקלערט, אז ער האט עפּעס „טראבעל" מיט זיין נאז. ער קען ניט אטעמען, האט דער ברענטש דאקטאר געזאגט, אז ער מוז אפּערירט ווערען ביי א געוויסען נאז־ספּעציאליסט, און די אפּעראציע דארף קאסטען ניט מער און ניט ווייניגער ווי פופציג דאלאר. אזוי ווי ער איז, לא עליכם, א איד א דלפון און האט ניט קיין פופציג אייגענע פעניס, פארלאנגט ער, אז דער ברענטש זאל אים געבען די פופציג דאלאר. האט מען ניט געמאכט קיין לאנגע טענות, מ'האט דאס איבערגעגעבען צו דער עקזעקוטיוו פון ברענטש מיט „פול פּאוער". האט די עקזעקוטיוו די זאך אונטערזוכט, האט זיך איבערצייגט אז מ'דארף געבען. נעמט דער איד צו דעם פופציגער און לאזט זיך אוועק צום פּראפעסאר שניידען די נאז. איז מעשה שטן, טרעפט ער, אז דער פּראפעסאר איז אויף וואקאציע און וועט ערשט צוריקקומען אין דריי־פיר וואכען ארום. דערווייל רוקט זיך אן די צייט וואס מ'דארף צאלען דירה־געלט — פארדינען, פארדינט מען ניט, א מטופל מיט קינדער איז מען, עסען דארף מען, ווערט ביי דעם אידען דער פופציגער אויס פופציגער . . . די נאז אבער טוט זיך דערווייל איר ארבייט, זי „בא־

געווען אזוי פלינק, דערפאר איז אים אבער שטארק צונוץ נעקומען די שווער־פארהארעוועטע קיילעכיגקייט פון זיין סטיל, און די אויטאריטעטע גלאטקייט פון זיין ווערטעל. ווער ווייס וואסער וויכטיגען פלאץ ער וואלט פארנומען אין דער מאדערנער אידישער ליטעראטור. איז אבער געשען אן אומגליק, וואס ער איז בינו לבינו געצוואונגען געווען צו פארלאזען זיין פאטערלאנד און זוכען זיין גליק אינ׳ם נאקעטען אמעריקע.

* * *

וואס עס האט מיט אים פאסירט אין אמעריקע, איז אוממעגליך צו זאגען, ווייל זינט איך האב אים דא באגעגענט, האב איך אים זייער ווייניג געהערט רעדען. וועגען זיך — אפילו א ווארט ניט, וועגען אלגעמיינע פראגען — זייער זעלטען, און דאס אויך אומדירעקט, אפט מאל אלעגאריש אדער סימבאליש, אן אנדערש מאל דורך זייטיגע אנצוהערענישען, אבער קיינמאל ניט קלאר און זאכליך. פרעג איך ביי אים וואס זיין טון איז, בייגט ער אראפ דעם קאפ, לייגט אוועק איין פויסט אויף דער אנדערער, עפעס ווי ער וואלט געוואלט אויפבויען א וואנט צווישען אונז. און ווען ער ענטפערט מיר שוין מיט אן „ע", קרעכצט ער עס עפעס ארויס אויף אזא׳ן אופן, ווי דאס וואלט געווען דאס גרעסטע וואס ער קען טאן פאר מיר.

זיצען מיר אזוי אלע, פאמיליע און פריינט, ביים טיש, בערל אין א ווינקעל, פארטאן אין די אנאנסען פון א צייטונג, זיצען מיר אזוי און מיר רעדען איבער פארשידענע פראגען פון אונזער וועלטל: אידיש, העברייאיש, באלשעוויזם, טעאטער, צייטונגען, ציוניזם, לינקע, א. אז. וו. אזוי ביסלאכווייז קומען מיר צו צו דער פראגע וועגען קולטור־ארבייט און בילדונגס־טעטיגקייט אין דער אידישער גאס.

— א מאדנע זאך, — באמערקט אייגער, — די גאנצע וועלט איז אונז חושד, אז ביי אונז איז אן בילדונגס־ארבייט ווי אן א האנט. אפילו מיר אליין האבען זיך שוין איינגערעדט, אז דאס איז טאקע אמת. זיינען מיר צווישען פרעמדע, שטאלצירען מיר דערמיט, און מיר זיינען גאנץ אויפריכטיג דערביי. קוקען מיר אבער אריין אביסעל טיפער אין דער אייגענער היים, איז טאקע, ווי זאגט ער, גרויסענע צרות.

— און וואס איז נאך מאדנער, — באמערקט א צווייטער, — קיינער וועט זיך ניט אונטערשטעלען צו זאגען, אז די בילדונגס־ארבייט איז בכלל איבעריג, סיי־ווי־סיי נוצט מען עס ניט אויס. ביכער, פארטראגען, צו וואס? ווער דארף עס?

— דאס איז שוין אביסעל צו פעסימיסטיש, — טענה׳ט א דריטער, — איר מאלט שוין דעם טייוועל א היבש ביסעל שווארצער ווי ער איז אין דער אמת׳ן. אנו פרובירט דורך א רעפערענדום צו באשליסען די פראגע, וועט איר זען ווי אייער פעסימיזם איז קיין שמעק טאבאק ניט ווערט.

— אט דאס איז טאקע די מאדנעקייט, — שרייט אויס דער צווייטער. — דער מענש, וואס וועט אויף רעפערענדומס ענטפערען מיט א ריזיגען „יא", ווען עס וועט זיך האנדלען וועגען בילדונגס־טעטיגקייט, און וועט מיט פארגעניגען באצאלען זיין חלק פאר דער זאך, וויל אבער די זאך אליין ניט פאר זיך, נאר פאר אנדערע. עס איז א מין חלוקה־געלט פאר ארץ־ישראל־אידען, וואס זיצען ערגיץ לעבען הר הזתים און און שטילען גאטס צארן מיט קאפיטלאך תהלים.

בערל האט אלע ווײלע ארויסגעקוקט פון זיין ווינקעל און

דערט", לאזט ניט אטעמען און דער פראפעסאר איז שוין דא צוריק אין שטאט. וואס טוט מען? איז זיך מישב דער איד און גייט צו דער עקזעקוטיוו פון ברענטש, דערציילט זיי די גאנצע מעשה און בעט מ׳זאל אים געבען אן אנדער פופציגער . . . אזא זאך האט שוין די עקזעקוטיוו אליין ניט געקענט טאן און זי האט די פראגע געבראכט צום מיטינג.

און ס׳איז לעבעדיג ביים מיטינג. עס רעדט איין רעדנער נאכ׳ן אנדערען. די וואס ריידען ניט זיצען גלאט אזוי און קאכען זיך.

איין רעדנער זאגט: אז דאס איז „פייק ביזנעס", די גאנצע מעשה איז ניט מער ווי אן אנשטעל. א צווייטער טענה׳ט: אז אויף צו שניידען נעזער דארף מען ניט קיין פופציגערס, ס׳זיינען דא גענוג פרייע דיספענסערים. א דריטער קאכט זיך: אז מ׳וועט אים געבען נאך אמאל פופציג דאלאר וועט ער זיי ווייטער פארטאכלעווען . . . א פערטער געפינט: אז מ׳דארף יא געבען. מ׳קען דאך ניט לאזען יענעם ארויסווארפען פון דער דירה און דערצו נאך מיט א קראנקער נאז. א פינפטען ארט די גאנצע מעשה ניט, זאל דער ברענטש יא געבען, ניט געבען, אבי ער האט געהאט די געלעגענהייט ארויסצוזאגען עטליכע וויצען אויפ׳ן חשבון פון דער נאז . . .

א סוף צו דער דעבאטע האט געמאכט איינער א חכם, פארשלאגענדיג צו שליסען די דעבאטע. דעם טשערמאנס חעמערל קלאפט, עס ווערט שטיל, מ׳שטימט, אלעמענס געזיכטער זיינען אנגעשטרענגט.

מיט פינף שטימען מאיאריטעט גייט דורך, אז דער איד זאל קריגען נאך אמאל פופציג דאלאר.

דער בעל דבר אליין, דאס הייסט דער איד מיט דער נאז, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ, גלייכט זיך ביסלעכווייז אויס, אין די אויגען זיינע באווייזט זיך א פייכקייט, שטעלט זיך פאמעליך אויף, חאלטענדיג דעם הוט אין דער האנט, און מורמעלט קוים ארויס: א דאנק אייך, פריינדע! כ׳חאב געוואוסט, אז דער ברענטש וועט ניט זיין אזוי שלעכט. וואו דען זאל מען גיין בעטען הילף, אז ניט צו מיין אייגענעם ברענטש? נישט קשה, קהל וועט ניט ארימער ווערען!

דער טשערמאן האט גוטמוטיג געשמייכעלט און נאכגעזאגט: — ניטא קיין ארים קהל — און איז איבערגעגאנגען צום נעקסטען פונקט.

## מיט וואס א טשערמאן סטראשעט

מ׳האט געשטימט דעם רעפערענדום וועגען „האיאס".

די ערשטע איינגלייטונגס־רעדע האט געהאלטען דער טשערמאן אליין. געוואלט האט ער באאיינפלוסען די אנוועזענדע מיטגלידער, זיי זאלען שטימען פאר א קלענערען טעקס, פאר 15 סענט, ניט פאר 25. אליין האט ער גאר ניט דאגעגען, אז מען זאל שטיצען די „האיאס", נאר ווייל אויפ׳ן רעפערענדום איז ניטא קיין פלאץ צו שטימען אין גאנצען דאגעגען א טעקס, וויל ער אז אויף להכעיס די „מאכערס" פון דזשענעראל אפיס זאל מען שטימען בלויז פאר 15 סענט. און אז ער האט שוין געהאלטען אין רעדען וועגען די „מאכערס פון דזשענעראל אפיס", חאט ער שוין אויסגעלאזט זיין גאנצען כעס, למאי מען צווינגט ארויף טעקסעס פאר פרעמדע אינסטיטוציעס. די בילס זיינען אזוי אויך גרויס, צאלען נאך א דאלאר א יאר איז שווער, — און אויסגעפירט האט ער, אז ווען עס וואלט געווען א ברירה צו שטימען אין גאנצען דאגעגען דעם טעקס, וואלט ער געהייסען שטימען דאגעגען, נאר אזוי ווי ס׳איז קיין ברירה ניטא, איז גענוג 15 סענט. וועט מען כאטש איינשפארען 40 סענט א יאר.

חאט זיך אויפגעשטעלט א בחור׳ל, דוקא נאך גאר א נייער מיטגליד פון ברענטש און האט גענומען צעגלידערען דעם טשערמאנס איינלייטונגס־רעדע, אז ס׳איז געווען א מחיה צו הערען. פריער חאט ער דערציילט וועגען זיין אייגענער ערפארונג מיט דער „האיאס", ווי אזוי די „האיאס" חאט אים געהאלפען אריבערפארען אין אמעריקע, דערנאך האט ער דעם טשערמאן מבכד געווען אזוי ווי אין פסוק שטייט. געמאכט „פיפקע" פון אלע זיינע ארגומענטען, אז די איבעריגע מיטגלידער האבען זיך געחאלטען ביי די זייטען פון לאכען.

האט דאך דאס דעם טשערמאן שטארק פארדראסען. סטייטש, א גרינער, אין גאנצען צוויי חדשים א מעמבער אין ברענטש, און ס׳האט אזא חוצפה. האט ער אים עטליכע מאל פרובירט אונטערברעכען, ניט געלאזט ריידען, אבער ס׳האט אים גאר ניט געהאלפען. דאס בחור׳ל האט זיך געטאן זיינס.

זעענדיג וואס פאר אן איינדרוק דעם בחור׳לס רעדע האט איבערגעלאזט אויף די איבעריגע מיטגלידער, האט זיך ערשט ביים טשערמאן צעפלאמט א נייע אמביציע — ניט צו לאזען זיך באזיגען פון אט דעם „גרינהארן". האט ער זיך דאס צעלאזט מיט א לשון, אזש הימעל עפען זיך! די „האיאס" איז ביי אים געווארען א קאפיטאליסטישע ארגאניזאציע, יעדע פעני וואס מ׳גיט זיי — איז ארויסגעווארפענע געלט, דער דזשענעראל אפיס — די העדקוואדערס פון דער קאנטער־רעוואלוציע. אין פארצווייפלונג האט ער זיך געווארפען פון איין פראגע אויף דער אנדערער, צוזאמענגעמישט קאשע מיט באטשווינע, און ערשט נאכדעם ווי די מיטגלידער האבען גענומען שרייען, אז ער האט שוין גענוג גערעדט, מען זאל איבערגיין צום שטימען, האט ער געענדיגט סטראשענדיג, אז אויב ס׳וועט דורכגיין דער טעקס פאר 25 סענט, וועט ער ארויסגיין פון א. ר.

מ׳האט געשטימט. און דוקא זיבען און פופציג שטימען פאר 25 סענט און בלויז 4 שטימען פאר 15 סענט.

נאך דער אפשטימונג האט דאס בחור׳ל דעם טשערמאן א נישט־קשה׳דיגען קיבעץ געטאן:

— ווי עס זעט אויס פארלירען מיר דעם טשערמאן, ער וועט דאך מסתמא האלטען ווארט און ארויסגיין פון א. ר.

דער עולם האט זיך הארציג צעלאכט. נאר דער טשערמאן האט א ברוגז׳ער ארויסגעבורטשעט:

— ס׳איז נאך ניט קיין ראיה, אז מיט אונזערע זיבען און פופציג שטימען איז דער פינף אין צוואנציגער טעקס שוין דורכגעגאנגען. אנדערע ברענטשעס האבען אויך וואס צו זאגען. זיי וועלען מסתמא שטימען פאר 15 סענט.

— ער טרייסט זיך מיט חלשות! — האט דאס בחור׳ל אויסגערופען — אנדערע ברענטשעס האבען ניט אזעלכע טשערליינס!

און דער עולם האט אויפ׳סניי געלאכט.

זיין צייטונג. די אונטערשטע ליפּ האָט עטוואָס געציטערט, עפּעס ווי ער וואָלט זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כחות. פרעגען ביי אים זיין מיינונג האָב איך פּשוט מורא געהאַט. איך האָב געוואוסט, אַז וועגען געזעלשאַפטליכע פראַגען איז גראָד מעגליך ער זאָל יאָ עפענען זיין מויל, און טאַקע האַלטען עס אָפען אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, אָבער איך האָב פּשוט געציטערט פאַר זיינע אָפטע ווענדונגען, פאַר זיינע גראָבע עפּיטעטען, מיט וועלכע ער קען באַטיטלען די אַרומיגע. דאָס איז שוין אַלעמאָל זיין טבע אַזאַ, ווען נאָר ער פאַרגינט זיך איבערצורייסען זיין שווייגען, עפּעס ווי דאָס וואָלט ביי אים געווען דער איינציג־געבליבענער אופן אָפּצונעמען אַן אַלטען חוב פון דער וועלט.

— „בהמות“, — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ געשריי. אַלע אַרום טיש זיינען אַנטשוויגען געוואָרען און אונזערע צוועלף שטאַרע אויגען האָבען זיך ווי צוגענאָגעלט צו בערלס ווינקעל. — „בהמות“, — האָט בערל איבערגע'חזר'ט זיין געשריי, — וואָס האָט איר זיך עפּעס צעיאַכמערט וועגען בילדונג, קולטור? דאָס איז דאָך פּנחס, פּנחס'יזם, צו אַלדי שוואַרץ יאָר. וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט, חמורים.

לכתחילה האָבען מיר געמיינט, אַז ער איז גאָר אַראָפּ פון זינען. „פּחנס“, פּנחס'יזם“, דאָס האָבען מיר אַלע צום ערשטען מאָל געהערט, און באַין אופן ניט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל דערמיט זאָגען. אָבער בערל האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר: „האַ, איר ווייסט ניט ווער פּנחס איז? וואָס פּנחס איז? טאָ האַלט זשע ס'מויל, און לאָזט מיך רעדען. וואָס האָט איר זיך צעפלאַפּעלט, וואָס?“ און ער האָט אָנגעהויבען רעדען און דערציילען די מעשה וועגען פּנחס'ן. אַ לאַנגע מעשה איז דאָס געווען. ער רעדט און רעדט און אָט איז אונז בכלל שווער צו זען דעם צוזאַמענהאַנג צווישען דער מעשה און די געשטעלטע פראַגעס. אָט ווערט עפּעס טונקעל אין זיינע אויסדרוקען און מיר הערען אין גאַנצען אויף צו פאַרשטיין וואָס ער זאָגט. אָט דוכט זיך אויס, אַז פּנחס איז גאָר אַן אויסגעטראַכטער נאָמען און אַז די גאַנצע מעשה איז אַ שמיק זעלבסטאַנאַליז. מיר האָבען אָבער די גאַנצע צייט געפילט, אַז אַ טיפע וויכטיגקייט פאַרבאָרגט זיך אין זיינע ווערטער, און אַז ער פאַרדינט אונזער פולע אויפמערקזאַמקייט.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ איבערצוגעבען אַלץ, וואָס ער האָט דערציילט. עס איז אָבער, דוכט מיר, אינטערעסאַנט איבערצוגעבען זיין מעשה בקיצור מיט דער האָפענונג, אַז מען קען דאָך עפּעס דערפון לערנען.

פּנחס איז איינער פון יענע מענשען, וואָס זוכען שטענדיג אַ פּאַסיג ווינקעל אין דער וועלט, וואו אָנצוּוואַרעמען זיין איינגעבוירענע לעבליכקייט. אין די צייטען פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע איז ער געווען אַ היציגער טוער אין זיין פּאַרטיי. אַ ליידענשאַפטליכער לעזער איז ער דעמאָלט געווען. ער איז געווען אַ בקיא אין דער גאַנצער פּראָקלאַמאַציע ליטעראַטור, אַפילו פון געגנערישע פּאַרטייען. אַ נייע בראָשורע אָדער פעריאָדישע אויסגאַבע איז פאַר אים געווען אַ שמחה. עס איז ניט געווען אַזאַ שטיקעל פּאַפּיר מיט אידישע אותיות, וואָס ער זאָל עס ניט האָבען דורכגעלייענט. פון אַלע פּאַרטיי־אַרבייטען איז ביי אים געווען דאָס וויכטיגסטע דאָס אַרויסגעבען ליטעראַטור. מיט מסירת נפש האָט ער געאַרבייט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון אומלעגאַלער ליטעראַטור און פאַר אָרגאַניזירונג פון דרוקעריען.

קיין געוואַלטיגער געבילדעטער מענש איז ער פון דעם אַלעם ניט געוואָרען. ווי גרויס און פאַרשידענאַרטיג איז עס דעמאָלט געווען דאָס, וואָס איז אַרויס אין אידיש? דערפאַר אָבער האָט זיך ביי אים אַנטוויקעלט אַ דורשט צו וויסען און אַן אומבאַגרעניצטע ליבע צום געדרוקטען וואָרט. פונקט ווי ער האָט הנאה געהאַט פון לעזען אַ בוך, אַזוי — און אפשר נאָך מער — כלעגט ער האָבען אַ פאַרגעניגען פון גלעטען די טאָוולען, מישען די בלעטער, זיך שפּיגלען אין די גאָלדענע אותיות פון'ם רוקען, און פון פילען דעם פאַרנעם פון'ם בוך אונטער זיין אָרעם. קיין וואונדער איז עס דאָך ניט. ניט האָבענדיג קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, האָט ער פיל מער געפילט די וויכטיגקייט פון'ם בוך איידער פאַרשטאַנען זיין אינהאַלט. זיין דורשט נאָך בילדונג, וואָס איז קיינמאָל סיסטעמאַטיש ניט געשטילט געוואָרען, איז איבערגעגאַנגען אין אַ פּלאַטאָנישער ליבע צום בוך, אָט פונקט ווי אַ פאַרליבטער הייבט אָן גלעטען זיין געליבטערס הינטעל בעת זי פילט זיך פרעמד צו אים. געלייענט האָט ער אָבער אַ סך, אַלץ געלייענט, ליידענשאַפטליך געלייענט, און געפונען אַ טרייסט און אַ פרישקייט אינ'ם לייענען אַליין, אַפילו ווען ער האָט ניט געגוי געכאַפּט דעם פולען זין פון'ם אינהאַלט, ווייל אים האָט געפעלט דער גאַנצער הינטערגרונט.

ויהי היום, פּנחס איז געקומען קיין אַמעריקע. דאָ איז ער לכתחילה אין גאַנצען מבולבל געוואָרען: אַזוי פיל צייטונגען און ביכער, אַפילו פאַר אַזאַ ליבע ווי זיינע איז דאָס שוין געווען צופיל. דאָך האָט ער אַלץ געלייענט. נאַטירליך, די ביכער האָט ער געמוזט אין גאַנצען מקריב זיין, ווייל די טעגליכע צייטונגען האָבען פאַרנומען אַזוי פיל צייט. שפּעטער האָט ער דערפילט, אַז די היימישע אומלעגאַלע, און אַפילו לעגאַלע, ליטעראַטור, אי עפּעס גאָר אַן אַנדערע זאַך. עפּעס איז דאָרטען געלעגען אַן איידעלקייט, אַ הייליגקייט, וואָס האָט באַגייסטערט און געצויגען דאָס האַרץ. דאָ אָבער איז עס עפּעס טרוקען, עפּעס „ניט דאָס“. ער האָט אויפגעהערט הנאה צו האָבען בלויז פון'ם לייענען. אָבער אַזוי ווי ער האָט דאָך געוואָלט אַלץ דורכקוקען, האָט ער זיך גענומען באַנוגענען מיט דער אַמעריקאַנער ערפינדונג פון „קעפּלאַך“ און „אונטערקעפּלאַך“. די דאָזיגע ערפינדונג איז פאַר אים שפּעטער געוואָרען ווי אַ באַלזאַם צו זיינע אַלטע, „גרינע“ וואונדען. וואָרים ווען ער האָט זיך אַביסעלע אַמעריקאַניזירט, זיך גענומען אַרויפאַרבייטען, געוואָרען חצי אַרבייטער, חצי באַלעבאָס, און זיין צייט איז געוואָרען געלט — אָך, ווי געבענטשט האָט ער דעמאָלט דעם זשעני וואָס האָט אויסגעטראַכט „קעפּלאַך“ מיט „אונטערקעפּלאַך“.

דאָס בוך האָט ער אָבער אויך ניט אין גאַנצען פאַרלאָזט. פון צייט צו צייט פלעגט ער ספּעציעל אַוועקגיין צו די ביכער־געשעפטען, זיך אָפּשטעלען ביי די פענסטער און איבערלייענען די רוקענס פון די ניי־ערשינענע ביכער. דאָס איז פאַר אים געוואָרען אַ גרויס פאַרגעניגען און ער האָט באַשלאָסען עס צו טאָן אַזוי אָפט ווי מעגליך. איז ווען עס איז געקומען עפּעס אַ יומא דפגרא, ווען די צייט האָט נאָר דערלויבט, האָט איר אים געקענט טרעפען ביי די פענסטער פון די בוך־געשעפטען. שעה'ן לאַנג פלעגט ער דאָרטען אָפּשטיין איינער אַליין, און קוקען אויף די גאָלד־געצייכענטע רוקענס, זיך שפּיגלען אין זייער גלאַנץ, און לייענען, לייענען אָן אָן אויפהער די נעמען פון די ווערק און פון די שרייבער. און ווען ער פלעגט פון אַזאַ מין שפּאַציר זיך אומקערען אַהיים, פלעגט ער עסען מיט מער אַפּעטיט, זיך בכלל פילען צופרידענער אין זיין לעבען, און ער האָט אָנגעהויבען צו דערשפּירען דעם גרויסען אמת פון'ם געדאַנק, אַז ניט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענש, מען דאַרף אויך אַמאָל טאָן אַביסעל קולטור־אַרבייט.

יאָ, אַ מענש דאַרף טאָן אַביסעל קולטור־אַרבייט אויך. און ווען זיין זון איז אַלט געוואָרען זעקס יאָר, און האָט אָנגעהויבען צו גיין אין סקול, האָט ער אים געקויפט אַ „בוך אָוו נאַלעדזש“. ווען ער האָט געקוקט אויף די דאָזיגע צוואַנציג גאָלד־באַרוקענטע בענדער, איז ביי אים דאָס האַרץ געוואַקסען פון שמחה און ער האָט דערפילט אַ רחמנות צום גראָבען מאַסען־מענשען, וואָס איז אַזוי נידעריג קולטורעל. אויך אַנדערע ביכער פלעגט ער קויפען. ווען אַ ביכער־אַגענט האָט נאָר געוואוסט ווי אַזוי צו צעבונטעווען זיין געוויסען, איז ער שוין אָן אַ באַשטעלונג ניט אַוועק. געלייענט אָבער האָט פּנחס בלויז די רוקענס, און אַמאָל — ווען דאָס אויסזען פון בוך איז אים שטאַרק געפעלען געוואָרען — אויך דעם אינהאַלט־פאַרצייכעניש.

אַמאָל האָט ער באַשלאָסען צו באַזוכען אַ גרויסע שטאָטישע ביבליאָטעק. ווען ער איז אַהין אַריינגעקומען, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַזאַ ליכטיגע וואַרימקייט, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען ניט געפילט. אַזוי פיל ביכער־רוקענס האָבען נאָך זיינע אויגען ניט געזען. דאָס איז דאָך ממש אַ ים פון גאָלדענע אותיות, וואָס לייכטען און כשופ'ן און פאַרזיסען דאָס לעבען. אַ גאַנצען טאָג האָט ער דאָרט פאַרבראַכט. לאַנגזאַם האָבען זיינע אויגען געוואַנדערט פון פּאָליצע צו פּאָליצע, פון רוקען צו רוקען, פון שרייבער צו שרייבער, און ער האָט דערפילט דעם ציטער פון עפּעס אַ מאָדנער בענקשאַפט אין זיין האַרצען. דאָס האָט אים שוין באַוואויגען אויך אַמאָל אַרויסצונעמען אַ בוך פון דער פּאָליצע און מישען די בלעטער, ביז די גלאַטקייט פון פּאַפּיר האָט אַביסעל געשטילט די אויפגעוועקטע בענקשאַפט. נאָר פּלוצלונג איז זיין בליק געפאַלען אויף אַ בוך מיט אַפּאַריזמען פון אַ כינעזישען שרייבער. אויפ'ן פאָדערבלעטעל איז מיט גרויסע אותיות געווען פאַרשריבען „די חכמה פון טשינג טשאַנג

טשו — די גאַנצע פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט אין עטליכע זאַצען". פּנחס איז באַגייסטערט געוואָרען. ווען ער איז אַוועק פון דער ביבליאָטעק איז ער גלייך אריין אין אַ ביכער־געשעפט און געקויפט „די חכמה פון טשינג טשאַנג טשו".

ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבען טישעל אַנטקעגען זיין ביכער־שאַנק, און — נאָך אַ לאַנגיאָריגען איבערדרייס — זיך אַוועקגעזעצט לייענען „די גאַנצע פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט אין עטליכע זאַצען". ער לייענט, לייענט, און זיין באַגייסטערונג גליט אַלץ העלער און העלער און צינדט זיך אין אַ רויטען פלאַם:

„איך האָב געוואַנדערט איבער די רייז־פעלדער און
האָב דאָרט אַ סך קערנדלאַך חכמה געפונען; איך האָב
געוואַנדערט איבער די פעלדער פון חכמה, און קיין איין
רייז־קערנדעל האָב איך דאָרט ניט געפונען".

ווייטער:

„מעסט ניט קיין מענשען לויט דער לענג פון זיין
צאָפּ".

ווייטער:

„אַסטראָנאָמען מיינע, אייערע הימעל־אַפּאַראַטען
זיינען גענוג שטאַרק צו באַמערקען דעם קלענסטען
שטערן, אָבער צו שוואַך צו דערזען דעם גרויסען קאָנפוציוס".

מער האָט ער ניט געקענט לייענען, ווייל ער איז מיד געווען פונ'ם טאָג אַרבייט. אָבער דווקא האָט־ער שוין ניט געקענט. ווען זיינע פריינט זיינען צו אים געקומען, האָט־ער זיי כסדר גענומען באַווייזען ווי שיין עס איז צו האָבען אַ היים מיט ביכער. ווי ליכטיג עס ווערט אויפ'ן הארצען ווען די גאָלדענע רוקענס לייכטען אַרויס פון די פּאָליצעס. אונזערע קינדער וועלען אונז מער כבוד אָפּגעבען ווען זיי וועלען זען אַז מיר זאָרגען פאַר די העכערע זאַכען פון לעבען. פון צייט צו צייט דאַרף מען טאַקע אויך אַריינקוקען אין אַ בוך. עפּעס ווערט ליכטיגער אין קאָפּ און וואַרימער אין האַרצען ווען מען באַקענט זיך מיט דער פילאָזאָפיע און דער וויסענשאַפט, אָדער מיט אַזעלכע גרויסע גייסטער, ווי למשל טשינג־טשאַנג טשו.

ווי אַ וואַלד־פייער האָט זיך פּנחס'עס געדאַנק פאַרשפּרייט צווישען זיינע פריינט, זיינע פריינטס פריינט, שכנים, באַקאַנטע א. אַז. וו. פּנחס'עס היים איז פּלוצלונג געוואָרען דער צענטער פון אַ קולטור־אידעאַל, און „פּנחס'יזם" איז געוואָרען אַ וואָרט ביי אַלע די, וואָס זיינען נאָך פון דער אַלטער היים געוואוינט צוצוזעצען אַן „יזם" צו וויכטיגע זאַכען.

אין אַ יום־טוב טאָג, ווען איר וועט פאַרבייגיין אַ ביכער־געשעפט און זען ווי מענשען קוקען אָנגעשטרענגט אין די פענסטער און לייענען די רוקענס פון די ביכער, זאָלט איר וויסען, אַז די אַלע זיינען פּנחס'יסטען, וואָס זיינען געקומען אַהער צו שטילען זייער קולטור־דורשט.

אַזוי האָט בערל, מיין פריינט, פאַרענדיגט זיין מעשה וועגען „פּנחס" און „פּנחס'יזם".

---

# באַריכטען פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו קאָמיטע

דער רעגעלער מאָנאַטליכער מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאַג אָוונט, דעם 3־טען אָקטאָבער, מיט פר. ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

די דעבאַטע וועגען דער רוסיש־אַמעריקאַנער אינדאָסטריעל קאָרפּאָריישאָן ווערט פאָרגעזעצט. פיל מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו באַטייליגען זיך אין דער דעבאַטע, און ס'ווערט נאָכהער באַשלאָסען אין דער אַרבייט פון דער רוסיש־אַמעריקאַנער אינדאָסטריעל קאָרפּאָריישאָן ניט צו באַטייליגען זיך. ס'ווערט באַשטימט צו שיקען צו אַלע ברענטשעס אַן ערקלערונג וועגען אונזער שטעלונג און אָנגעבען די מאָטיווען, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון דער מאַיאָריטעט מיטגלידער אין דער דעבאַטע. זע פּראָטאָקאָל פונ'ם 26־טען סעפּטעמבער.)

---

דער אוירווינג פּליים טעאַטער לאַדעט איין אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו צו אַ פאָרשטעלונג פון ליבינס פּיעסע „קבצן וואו קריכסטו". ס'ווערט באַשלאָסען אָנצונעמען די איינלאַדונג מיט דאַנק.

## קאָמיטע

פון בר. 198, האָבאָקען, — זיי ערקלערען, אַז די קינדער־שולע זייערע האָט אַ גרויסען דעפיציט; אַז זיי האָבען עטליכע מאָל געשריבען צו דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, וועלכע האָט זיי געענטפערט, אַז אַ פאַרטרעטער וועט צו זיי קומען און זיך דורכריידען וועגען אַלע פראַגען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט דער שולע, אָבער זייער פאַרטרעטער איז ניט געקומען. זיי בעטען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל האַנדלען וועגען דעם.

פר. ביילין, סעקרעטאַר פון דער עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע, ערקלערט, אַז די קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו שטיצען זייער שולע מיט $50. ער דייטעט אָן, אַז די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע איז געווען געגען דעם וואָס די קינדער־שולע אין האָבאָקען האָט באַשטימט אַריינצונעמען קינדער אָן שכר־לימוד.

## צושריפטען

פון בר. 150, — זיי רעקאָמענדירען, אַז פון די $1000, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן פאַר אַמנעסטי און דעפענס צוועקען, זאָל $750 איבערגעגעבען ווערען צו דער נעשאַנאַל דעפענס קאָמיטע. באַשלאָסען דאָס נעמען אין אָנבאַטראַכט.

פון בר. 266, — זיי פּראָטעסטירען געגען דעם וואָס מאַנכע דיסטריקט קאָמיטעס זיינען אויפגעלייזט געוואָרען און וואָס איניגע מיטגלידער זיינען געטראַנספערירט געוואָרען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש. באַשלאָסען דעם צושריפט צו פיילען.

פון בר. 443, לאָס אַנדזשעלעס, — שרייבען, אַז ביים מיטינג פון ברענטש איז באַשלאָסען געוואָרען צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען און די פּרינציפּען פון אַ. ר. און שטיצען די אַרבייט פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע.

פון דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע, — זיי פאַרלאַנגען, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל אַרויסשיקען צו די ברענטשעס אַ באַריכט וועגען די פאַרהאַנדלונגען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דער פּיפּעלס רעליף וועגען די הויפּט־רעזאָלוציעס, וועלכע זיינען דאָרט אָנגענומען געוואָרען. עס ווערט באַשלאָסען אַרויסצושיקען אַזאַ צושריפט און איבערגעבען די זאַך צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע, וועלכע האָט די אויפזיכט איבער דער רעליף־אַרבייט.

פון בר. 554, -- זיי שרייבען, אַז דעם 13־טען דעצעמבער 1920 האָט זייער אָרגאַניזאַציע דורך דער פּיפּעלס רעליף און דעם „אידגעזקאָם", וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען פאַרבונדען, געשיקט $3000 אין זייער היים־שטאָט סענא, מאָהליוווער גובערניע. ווי זיי האָבען אָבער לעצטענס געהערט, האָט מען ביי זיי אין שטאָט קיין זאַך פון די געלדער ניט ערהאַלטען. זיי בעטען צו העלפען זיי מיט ראַט אָדער אייניפאָרם אין דער אָנגעלעגענהייט. עס ווערט באַשלאָסען אָנצופרעגען וועגען דעם ביי דער פּיפּעלס רעליף קאָמיטע און ביים „אידגעזקאָם".

פון דער אידישער אימיגראַנטען סאָסייעטי אין קענעדאַ, — זיי באַדאַנקען פאַר די $100, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון בר. 149, — זיי לאַדען איין צוויי פאַרטרעטער צו זייער 15־יעריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 7־טען אָקטאָבער. ערוויילט פר. גוסקין און ראָבערטס.

פון דער אידישער פילאַנטראָפּישער פעדעריישאָן אין טאָראָנטאָ, — זיי באַדאַנקען פאַר די $50, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זיי ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע

פר. דינערשטיין, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט פאָלגענדעס:

דעם מאָנאַט זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען דיסטריקט קאָנפערענצען אין שיקאַגאָ, נואַרק, ניו־יאָרק, האָדסאָן קאַונטי, האַרטפאָרד, ספּרינגפילד, ברידזשפּאָרט און סאַוט איסטערן דיסטריקט.

פר. ראָבערטס איז געווען פאַרטראָטען ביי דער דיסטריקט קאָנפערענץ פון נואַרק. די נייע דיסטריקט קאָמיטע איז ערוויילט געוואָרען פון ערפאַרענע טוער, וועלכע פאַרשפּרעכען צו טאָן גוטע אַרבייט אין דער נאָענטער צוקונפט.

פר. לעוויטאַן און ער (דינערשטיין) זיינען געווען ביי דער ניו־יאָרק סיטי אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע קאָנפערענץ. עס זיינען געווען פאַרטראָטען 229 דעלעגאַטען. ס'איז ערוויילט געוואָרען אַ נייע סיטי קאָמיטע פון 15 אַלטע טוער אין אַ. ר. פר. גוסקין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו, האָט ערעפענט די קאָנפערענץ.

ביי דער ברידזשפּאָרט קאָנפערענץ איז געווען פאַרטראָטען פר. לעווינסאָן. ער האָט דאָרט גערעדט וועגען רעליף און טעטיגקייט אַ. ר.

פראַגען. עס וועט וואַרשיינליך נייטיג זיין צו באַזוכען באַזונדער יעדען ברענטש פון דעם דיסטריקט.

ער (דינערשטיין) איז געווען ביי דער האַרטפאָרד דיסטריקט קאָנפערענץ. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע האָט באַשלאָסען צו רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון ברענטש 15 און זעז אויסגלייכען די סכסוכים וואָס קומען דאָרט פאָר. די ניי־ערוויילטע דיסטריקט קאָמיטע האָט פאַרשפּראָכען צו טאָן גוטע אַרבייט.

ער (דינערשטיין) איז אויך געווען ביי דער ספּרינגפילד דיסטריקט קאָנפערענץ. ער האָט זיי ערקלערט, אַז נאָכדעם ווי דער נייער ברענטש וועט אינסטאַלירט ווערען, זאָלען זיי צוציען אַ פאַרטרעטער פון דעם ברענטש צו דער דיסטריקט קאָמיטע. בר. 716 האָט דאַמאָלס געהאַלטען אין קלייבען אויף ליסטען געלט פאַר'ן אַ. ר. האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד. זייענדיג אין ספּרינגפילד האָט ער אויך אינסטאַלירט דעם נייעם ברענטש, און זיי באַגריסט אין נאָמען פון דער נאַצ. עקז. קאָמ.

פר. ראָבערטס איז געווען פאַרטראָטען ביי דער האָדסאָן קאַונטי דיסטריקט קאָנפערענץ. זיי האָבען דאָרט פאַרהאַנדעלט לאָקאַלע ווי אויך אַלגעמיינע אַ. ר. פראַגען, און די גאַנצע קאָנפערענץ איז בכלל געפירט געוואָרען אויף זייער אַן אינטעליגענטען אופן. זיי האָבען ערוויילט אַ נייע דיסטריקט קאָמיטע.

ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען אַ מיטינג פון בר. 246, אום אויסצוגלייכען די מיספאַרשטענדנישען און סכסוכים וואָס קומען דאָרט פאַר די לעצטע צייט.

וועגען „האַיאַס" האָט די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע באַשלאָסען אַרויסצושיקען צו אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג צו די ברענטשעס וועגען שטיצען די אינסטיטוציע מיט 15 אָדער 25 סענט פער מיטגליד פער קוואַרטאַל אין פאַרלויף פון די קומענדע 4 קוואַרטאַלען. קיין קאָנפערענצען וועגען דער „האַיאַס" זאָלען איבער'ן לאַנד ניט גערופען ווערען.

פר. וואָלף איז געווען פאַרטראָטען ביים ספּעשעל מיטינג פון בר. 709, מאָלדען. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז אַ גרופּע מיטגלידער פון ברענטש האָבען געשטערט אָפּצוהאַלטען זייערע מיטינגען. די ברענטש עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסען אַ געוויסע צייט אין גאַנצען ניט צו מיטען; אָבער יענע גרופּע האָבען די מיטינגען אָנגעהאַלטען. פר. וואָלף האָט באַאויפטראַגט דעם גאַנצען ברענטש אָנצוגיין מיט די מיטינגען, נאָר ער האָט זיי ערקלערט, אַז דער, וועלכער וועט שטערען די מיטינגען פון ברענטש, וועט געגען אים גענומען ווערען געזעצליכע שריטע. פר. יאָנאָס איז אַנוועזענד געווען ביים מיטינג.

די 31 מיטגלידער פון בר. 79, וועלכע האָבען געדאַרפט אינסטאַלירט ווערען אין אַ באַזונדערען ברענטש, זיינען צו דער אינסטאַליישאָן ניט געקומען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי זיינען גערופען געוואָרען דורך ספּעציעלע בריף פון דער קליוולאַנד דיסטריקט קאָמיטע. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען זיי נאָכאַמאָל דורכ'ן דזשענעראַל־אָפיס צו דער אינסטאַליישאָן, און אין פאַל זיי וועלען דעם מאָל אויך ניט קומען, זאָל מען די 31 מיטגלידער טראַנספערירען אַלס מעמבערס עט לאַרדזש.

בר. 250, פּיטסבורג, האָט אָנגענומען דיוס פון די 2 מיטגלידער, וועלכע זיינען טראַנספערירט געוואָרען פון זיי אַלס מעמבערס עט לאַרדזש. אַ בריף איז גלייך געשריבען געוואָרען סיי צום ברענטש, סיי צו די מיטגלידער, אַז זיי דאַרפען אין דער צוקונפט צאָלען זייערע דיוס דורכ'ן דזשענעראַל אָפיס און דער ברענטש האָט מיט זיי קיין שייכות ניט.

בר. 710 פון באָסטאָן האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר דעם אינצידענט מיט פר. כאַנין (זע פּראָטאָקאָל פון 19־טען סעפּט.). די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמ. האָט באַשלאָסען אָנצונעמען זייער אַנטשולדיגונג.

אין פּעטערסאָן האָבען 6 ברענטשעס אויסגעדריקט אומצופרידענהייט געגען דעם וואָס די דיסטריקט קאָמיטע איז ערוויילט געוואָרען ביי דער קאָנפערענץ. זיי האָבען פאַרלאַנגט, אַז די דיסטריקט קאָמיטע זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון פאַרטרעטער פון די ברענטשעס. ס'איז באַשלאָסען געוואָרען זיי ענטפערען, אַז אין די ערטער, וואו די דיסטריקט קאָמיטע באַשטייט פון מער ווי 10 ברענטשעס, ווערט די דיסטריקט קאָמיטע ערוויילט ביי דער קאָנפערענץ גופא.

אין פאַרבינדונג מיט דעם מעמבערשיפּ קאַמפּיין, האָט די אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע נאָכאַמאָל באַשלאָסען צו רעקאָמענדירען, אַז אין ניו־יאָרק זאָל דער קאַמפּיין ערעפענט ווערען דורך אַ צוזאַמענקונפט פון פאַרטרעטער פון ברענטשעס ביי אַ „לאָנטש", אַראַנזשירט פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע; צו דרוקען 50 טויזענט אידישע און 10 טויזענט ענגלישע פּאַמפּלעטס פאַר'ן מעמבערשיפּ קאַמפּיין; צו דרוקען 4000 שאָו קאַרדס און זיי פאַרשפּרייטען דורך אונזערע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס; אָרדערען „פּאַבס" (מעדאַליאָנען פאַר אַ קעשענע זייגערל) צו פּרעזענטירען יעדען מיטגליד, וועלכער וועט אין דער צייט פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין פאָרשלאָגען 5 נייע מיטגלידער אָדער פירען 5 קאַנדידאַטען צום דאָקטאָר. צו פּרעזענטירען יעדען ברענטש, וואָס וועט אַריינגעמען 15 אָדער מער נייע מיטגלידער, מיט אַ שיינעם העמערל צו פירען די מיטינגען.

לויט דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו, דאַרף דער קאַמפּיין פאַר'ן אַ. ר. האָספּיטאַל אין רוסלאַנד זיך ענדיגען דעם ערשטען נאָוועמבער. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז נאָכדעם ווי דער קאַמפּיין וועט זיין געשלאָסען, זאָל געשיקט ווערען אַ פאַרטרעטערשאַפט אין אייראָפּע איינצוקויפען אין דייטשלאַנד די האָספּיטאַל אויסשטאַטונג, ווייל אין דייטשלאַנד קען מען אַלע נייטיגע זאַכען איינקויפען אַ סך ביליגער. די זעלבע דעלעגאַציע זאָל אויך זיין אין האָמעל ביי דער ערעפענונג פון האָספּיטאַל. די נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע רעקאָמענדירט, אַז דער פאַרטרעטערשאַפט זאָל איבערגעגעבען ווערען איינצוקויפען די אַגריקולטור־מאַשינען פאַר די אידישע קאָלאָניסטען אין רוסלאַנד, פאַר וועלכען צוועק ס'איז באַוויליגט געוואָרען $3000. זיי זאָלען אויך מיטנעמען די איבעריגע רעליף־געלדער, וועלכע געפינען זיך אין אָפיס.

עס ווערט באַשלאָסען ניט צו האָבען קיין „לאָנטש" ביי דער ערעפענונג פון מעמבערשיפּ קאַמפּיין.

עס ווערט באַשלאָסען צו האַנדלען ביים קומענדען מיטינג וועגען שיקען אַ פאַרטרעטערשאַפט קיין אייראָפּע אין פאַרבינדונג מיט דעם האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד.

דער איבעריגער טייל פון דעם רעפּאָרט פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען, אַז דער נעקסטער מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען דינסטאָג אָווענט, דעם 10־טען אָקטאָבער.

פ. געליבטער, רעק. סעקר.

---

**אַ פאַרזעצונג פון דעם מאָנאַטליכען מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע קאָמיטע ווערט אָפּגעהאַלטען דינסטאָג אָווענט, דעם 10־טען אָקטאָבער, מיט פר. גוסקין אַלס טשערמאַן.**

### צושריפטען

פון בר. 638, — לאַדען איין אַ פאַרטרעטער צו זייער אָפיציעלער אינסטאַליישאָן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 14־טען אָקטאָבער. ערוויילט פר. בלאָק.

פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, — זיי בעטען, אַז די עקזעקוטיוו קאָמיטע זאָל קומען באַזוכען דעם דענטאַל און מעדיקאַל קליניק, וואָס זייער דעפּאַרטמענט וועט עפענען אין 55 אירווינג פּלייס, דעם 16־טען אָקטאָבער.

פון טאָראָנטאָ אידישען פאָלקס־פאַראיין, — באַדאַנקען פאַר די $200, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנוו.

פון דער היברו אימיגראַנט אייד סאָסייעטי, — באַדאַנקען פאַר די $1000, וואָס איז פאַר זיי באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון בר. 20, — לאַדען איין 3 פאַרטרעטער צו זייער 20־יעריגען יובילעאום, וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 21־טען ד. מ. באַשלאָסען אָנצונעמען די איינלאַדונג. ערוויילט פר. כאַנין, וואָלף און זינגערמאַן.

פון דענווער סאַניטאַריום, — באַדאַנקען פאַר די $500, וואָס איז באַוויליגט געוואָרען פאַר זיי פון דער לעצטער קאָנווענשאָן.

פון דער הילפס־קאָמיטע „בונד", — לאַדען איין 2 פאַרטרעטער צו דעם 25־יעריגען יובילעאום פון „בונד", וואָס וועט געפייערט ווערען דעם 14־טען אָקט. ערוויילט פר. כאַנין און וויינבערג.

פון דער פאַרוואַלטונג פון די לערער־קורסען, — לאַדען איין צו זיין פאַרטראָטען ביי דער ווידער־ערעפענונג פון די לערער־קורסען, שבת אָווענט דעם 14־טען אָקטאָבער. ערוויילט פר. געליבטער.

פון רוסישען רויטען־קרייץ אין ניו־יאָרק, — זיי שרייבען, אַז וועלען זיך נאָכאַמאָל שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דעם רוסישען רויטען־קרייץ אין מאָסקווע וועגען מאַכען די לעצטע פאַרבאַרייטונגען אין פאַרבינדונג מיט דעם האָספּיטאַל, וואָס מיר האָבען באַשלאָסען אויסצושטאַטען אין האָמעל. זיי דייטען אויך אָן, אַז זיי וועלען אָננעמען אַלע מיטלען צו זען דאָס אונזער דעלעגאַציע, אויב אַזעלכע וועט געשיקט ווערען, זאָל אַריינגעלאָזט ווערען אין רוסלאַנד.

### קאָמיטע

פון דער וועסטשעסטער דיסטריקט קאָמיטע, — זיי אַפּעלירען געגען דעם באַשלוס אויפצולייזען זייער דיסטריקט קאָמיטע. ס'ווערט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע צו דער נאַצ. אָרגאַניזאַצ. קאָמ.

### וועגען האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד

ס'ווערט אויפגענומען די רעקאָמענדאַציע פון דער נאַצ. אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע צו שיקען אַ פאַרטרעטערשאַפט קיין אייראָפּע אום איינצוקויפען די אויסשטאַטונג פאַר דעם האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד, און זיין ביי דער ערעפענונג אין האָמעל. (זע פּראָטאָקאָל פון 3־טען אָקטאָבער.)

די פראַגע וועגען שיקען אַ דעלעגאַציע ווערט ברייט דעבאַטירט. מאַנכע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו זיינען מיט דער מיינונג, אַז מען זאָל פריער אָנפרעגען ביי געוויסע פירמעס אין דייטשלאַנד וועגען די פּרייזען פאַר דער האָספּיטאַל־אויסשטאַטונג, אום צו האָבען אַ באַגריף מיט וויפיל אויסגאַבען דאָס איז פאַרבונדען. די מערסטע טייל מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו צייגען אָן, אַז אויב מען וויל איבערגעבען די אויסשטאַטונג פון דעם האָספּיטאַל און ניט פאַרציען דאָס, וועט זיין אָם ראַטזאַמסטען צו שיקען אַ דעלעגאַציע, ווייל ביז מען

ווען קריגען אַן ענטפער פון דייטשלאַנד וועגען די פריוזען, ביז דאָס וועט רעפּאָרטעט ווערען צו דער נאַצ. עקזעקוטיוו און ביז די דעלע־גאַציע וועט געשיקט ווערען, קענען די פריוזען זיך ווידער ענדערען.

נאָך אַ לענגערער דעבאַטע, ווערט באַשלאָסען צו שיקען אַ דעלע־גאַציע פון 2, און דער זעלבער דעלעגאַציע איבערגעבען אין רשות די איבעריגע רעליף־געלדער, וועלכע געפינען זיך אין דזשענעראַל אָפיס. פאָלגענדע ווערען ערוויילט אַלס פאָרטרעטער פאַר דער דעלעגאַציע: ר׳ גוסקין און י. וויינבערג.

פר. גוסקין און וויינבערג באַדאַנקען דער עקזעקוטיוו פאַר דעם כבוד וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט, פאַר דעם צוטרויען וואָס די נאַצ. עקזעקוטיוו האָט זיי געשאָנקען צו פאָרטרעטען דעם אַ. ר. אין אַזאַ וויכטיגער מיסיע. זיי זאָגען, אַז זיי וועלען זיכער טאָן אַלץ וואָס אין זייערע כחות איז די גרויסע מיסיע צו ערפילען אויף אַ געהע־ריגען אופן.

---

עס ווערט באַשלאָסען צו ערוויילען אַ קאָמיטע פון 3 צו מאַכען אַראַנזשמענטס פאַר דעם אָפּפאָרען פון דער דעלעגאַציע. אין דער קאָ־מיטע ווערען ערוויילט פר. דזש. ראָטהמאַן, וואולף און דזשווידאָף.

## וועגען באָנדס

פר. י. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער אָפיס קאָמיטע, ערקלערט, אַז זייער קאָמיטע האָט ערוויילט אַ סאָב־קאָמיטע, וועלכע זאָל האַנדלען זעלבסטשטענדיג אין פאַל עס וועט זיין אוממעגליך צו סובסקרייבען זיך אויף רעגירונגס באָנדס, וועלכע וועלען אַריינברענגען אַ פאַר־נינפטיגען אינטערעסט. אַזוי ווי עס איז איצט פאַראַן אַ מעגליכ־קייט צו סובסקרייבען זיך פאַר אַזעלכע באָנדס, וויל די סאָב־קאָמיטע האָבען די צושטימונג פון דער גאַנצער עקזעקוטיוו. עס ווערט באַ־שלאָסען דאָס איבערצוגעבען צו דער אָפיס קאָמיטע צו האַנדלען.

## סעקרעטערס רעפּאָרט

פר. באַסקין, דזשענעראַל סעקרעטער, גיט איבער ציפערען פאַר די לעצטע 6 מאָנאַטען צו פאַרגלייכען מיט דער צאָל אַריינגעקומענע נייע מיטגלידער און די צאָל געשטראָכענע אין יעדען קוואַרטאַל.

ער ברענגט אויך ציפערען פון אַ טאַבעלע, וואָס ציינט אַז פאַר די לעצטע 3 קוואַרטאַלען האָבען זיך אַ סך אַלטע מיטגלידער געלאָזט שטרייכען. ער גלויבט, אַז אַ גרעסערע צאָל פון די דאָזיגע מיטגלי־דער באַשטייט פון אַזעלכע וואָס זיינען געוואָרען רייך און פאַרלויף פון די לעצטע עטליכע יאָרען און זיי זיינען גייסטיג ניט מער פאַר־בונדען מיט׳ן אַ. ר., ווי פריער. אַז אייניגע פון די אַלטע מיטגלידער לאָזען זיך שטרייכען צוליב די שאַרפע פּאַרטיי־שטרייטיגקייטען, וואָס קומען פאָר אין מאַנכע ברענטשעס.

ער גיט איבער, אַז אין אַלע רעליף־פאָנדס, איינגעשלאָסען דעם פאָנד פאַר דעם האָספּיטאַל פאַר רוסלאַנד, איז איצט פאַראַן $38,556.86. ער שטעלט זיך אויך ברייט אָפּ אויף דער פראַגע פון דעם געלט, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרען אין דעם ביכער־פאַרלאַג פון דער עדיו־קיישאָנאַל קאָמיטע. ער דייטעט אָן, אַז אין אַלע אונזערע ביכער־אויסגאַבען איז ביז היינט אַריינגעלייגט געוואָרען אַרום 23 טויזענט דאָלאַר; אַז מיר זאָלען אַפילו פאַרקויפען אַלע ביכער, וואָלטען מיר ניט געקענט אַרויסנעמען מער ווי 13 טויזענט דאָלאַר. דאָס הייסט, אַז אונטער די בעסטע אומשטענדען וואָלטען מיר איצט געהאַט אַ דעפיציט פון. אַרום 10 טויזענט דאָלאַר.

נייע מיטגלידער זיינען פון אין פאַרלויף פון מאָנאַט אַריינ־געקומען אַרום 300.

דער „קינדערלאַנד“ האָט דעם יאָר געהאַט אַ דעפיציט פון אַרום 900 דאָלאַר.

פר. באַסקין מאַכט אויפמערקזאַם, אַז די עקזעקוטיוו דאַרף ער־וויילען אַ קאָמיטע צו ציילען די רעפערענדום באַלאָטס וועגען שטיצען דעם „האַיאַס“. דער דאָזיגער רעפערענדום וועט זיך שליסען דעם 30־טען אָקטאָבער.

דעם סעקרעטערס רעפּאָרט ווערט גוטגעהייסען.

---

עס ווערט באַשלאָסען איבערגעבען צו דער נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָם. די פראַגע וועגען ביכער פאַרלאַג און זיי באַאויפטראַגען, אַז זיי זאָלען זען אָננעמען אַלע מעגליכע מיטלען צו רעאַליזירען אַזוי פיל וויפיל ס׳איז מעגליך פאַר די ביכער.

---

דער טשערמאַן, פר. גוסקין, בעט די מיטגלידער פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע זיך אויפצושטעלען פון זייערע פלעצער צו ערע פון דעם פאַרשטאָרבענעם פר. נ. סאַפּירמאַן, וועלכער איז יאָרען לאַנג געווען טעטיג אין אַ. ר. און איז לעצטען יאָר געווען אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער פאַרוואַלטונג.

---

עס ווערט באַשטימט צו האָבען אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג מאָנטאַג אָוונט, דעם 16־טען אָקטאָבער.

פ. געליבטער, רעק. סעקר.

אַ פאָרזעצונג פון דעם מיטינג פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו ווערט אָפּגעהאַלטען מאָנטאַג אָוונט דעם 16־טען אָקטאָבער, 1922, מיט פר. ר. גוסקין אַלס טשערמאַן.

## רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע

פר. לאַנגער, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז אַ מיט־גליד פון בר. 628 האָט זיך געווענדט צו דער בענעפיט קאָמיטע און ערקלערט, אַז זיין פרוי איז געווען קראַנק מיט עטליכע מאָנאַטען צו־ריק; אַז ווען זי האָט זיך געמאָלדען קראַנק האָט מען איר אין ברענטש געזאָגט, אַז זי איז אַ 3־טע קלאַס מעמבערין און זי איז ניט באַרעכטיגט צו קיין בענעפיט. ער האָט געקליימט, אַז זי איז אַ מיט־גליד פון 2־טען קלאַס און זי איז דאַרום יאָ באַרעכטיגט צו בענעפיט. ער האָט אַפילו צוגעשטעלט אַ סטייטמענט פון דאָקטאָר צו באַשטעטיגען איר קראַנקהייט. אונטערזוכענדיג אָבער די זאַך אין אָפיס, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז זי איז ווירקליך די גאַנצע צייט אַ מעמבער פון 3־טען קלאַס און פאַרשטענדליך איז זי צו קיין בענעפיט ניט באַ־רעכטיגט.

אין בר. 560 איז אַ מיטגליד קראַנק געווען צוויי וואָכען, נאָר דער סערטיפיקייט צוזאַמען מיט׳ן קאָנטרי, סטייטמענט זיינען ביי זיי פאַרלאָרען געגאַנגען. ביים דאָקטאָר האָבען זיי קיין צווייטען סטייט־מענט ניט געקענט קריגען. ס׳איז זיי אוממעגליך געווען צו באַקומען אַ צווייטען סטייטמענט פון קאָנטרי, וואו דער באַטרעפענדער איז געווען. די בענעפיט קאָמיטע האָט באַאויפטראַגט דעם ברענטש צו־צושטעלען אַ נאָטאַרי פּאַבליק סטייטמענט וועגען זיין קראַנקהייט צו־זאַמען מיט אַן ערקלערונג און באַשטעטיגונג פון ברענטש, און דאַן וועט זיין בענעפיט אויסגעצאָלט ווערען.

אין בר. 184 איז געווען אַזאַ פאַל: זיי האָבען צוגעשיקט סער־טיפיקייטס פון יאַנואַר 1922. דער ברענטש האָט ערקלערט, אַז אַט די סערטיפיקייט זיינען ביי זיי פאַרלאָרען געגאַנגען. עס האָט גענומען צייט ביז זיי האָבען געקראָגען דופּליקייטס, וועלכע זיינען ניט געווען ריכטיג אויסגעפילט און דער אָפיס האָט זיי צוליב דעם צוריקגעשיקט. אין פאַרלויף פון דער צייט האָבען זיי געפונען די אָריגינעלע סער־טיפיקייטס און זיי האָבען זיי איצט צוגעשיקט מיט אַן ערקלערונג פון ברענטש. נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט, אַז דער ברענטש האָט זיך וועגען דער אַנגעלעגענהייט דורכגעשריבען מיט׳ן אָפיס שוין אַ לאַנגע צייט, איז באַשלאָסען געוואָרען די בענעפיט אויסצוצאָלען.

די פילאַדעלפיע דיסטריקט קאָמיטע האָט געלאָזט וויסען, אַז צו־ליב דער קראַנקהייט פון זייערע אָרטיגע מעדיקאַל עקזאַמינערס, האָבען זיי אָנגעשטעלט אַלס זייער עקזאַמינינג דאָקטאָר, דר. ה. בלומענצווייג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען דאָס גוטצוהייסען.

רעפּאָרט פון דער בענעפיט קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער נאַצ. גריוועגס קאָמיטע

פר. בלאַק, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט איבערגעגעבען צו דער גריוועגס קאָמיטע אויסצוטייטשען, צי מיטגלידער פון 3־טען קלאַס קענען אַריינגעבען זייערע קרובים אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען אין סאַניטאַריום, לויט דעם פּונקט פון לעצטען קאָנווענשאָן רעפערענדום, וואָס לעזט זיך ווי פאָלגט:

„די סאַניטאַריום קאָמיטע זאָל האָבען דאָס רעכט אַריינצונעמען אַלס באַצאָלטע פּאַציענטען עלטערן פון מיטגלידער, אויך שוועסטער און ברידער און קינדער פון מיטגלידער, אין עלטער פון 16 ביז 22 יאָר“.

עס ווערט באַשלאָסען אַז דער דאָזיגער פּונקט באַציט זיך ניט אויף 3־טע קלאַס מיטגלידער, וועלכע קענען אין פאַל פון קראַנקהייט אַליין זיך באַנוצען מיט׳ן סאַניטאַריום אַלס פּריווילעגיע, זיי קענען אָבער ניט די דאָזיגע פּריווילעגיע איבערגעבען צו זייערע קרובים.

אַ מיטגליד פון בר. 514 האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון דער נאַצ. בענעפיט קאָמיטע צוריקצואווייזען זיין בענעפיט. די גריוועגס קאָמיטע האָט די זאַך גרינדליך אונטערזוכט, און עס צייגט זיך אַרויס, אַז דער טשערמאַן פון מיטינג, וועלכער איז אויך דער האָספּיטאַלער, האָט ערקלערט, אַז ניט טרעפענדיג דעם באַטרעפענדען אין הויז, איז ער אַוועק אין שאַפּ, וואו יענער אַרבייט, און האָט אים דאָרט גע־טראָפען. די גריוועגס קאָמיטע האָט באַשלאָסען גוטהייסען די האַנד־לונג פון דער בענעפיט קאָמיטע.

אַ מיטגליד פון בר. 577, בעיאָן, נ. דזש., האָט אַפּעלירט געגען באַשלוס פון ברענטש צו מאַנען פון אים אַ טעקס פון $14 פאַר׳ן לייבאָר־ליסעאום. אַזוי ווי ער וואוינט איצט אין ניו־יאָרק און ער האָט דורכגעמאַכט אַ שלעכטע צייט, האָט ער אַפּעלירט צו באַפרייען אים פון טעקס און באַוויליגען פאַר אים אַ טראַנספער. די פאַרטרע־טער פון ברענטש האָבען ערקלערט, אַז זיי קענען מיט דעם באַטרע־פענדען גיט מאַכען קיין אויסנאַם, ווייל אויב זיי וועלען מאַכען אַן אויסנאַם אין דעם פאַל, וועלען אַנדערע מיטגלידער זיך אויך אָנטזאָגען צו צאָלען דעם טעקס. ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז ער דאַרף באַ־צאָלען דעם טעקס, נאָר אויב דער ברענטש, צו וועלכען ער וויל זיך טראַנספערירען, וועט איבערנעמען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון זיינע שולדען, זאָל אַ טראַנספער אים באַוויליגט ווערען.

בר. 92 האָט אַפּעלירט געגען סעמעטערי דעפּאַרטמענט וועגען פאָל־גענדעס:

זייער אַ מעמבערינס מאַן, וועלכער איז ניט געווען קיין מיטגליד אין אַ. ר., איז געשטאָרבען. דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט האָט זיך אַנטזאַגט אויסצוצאָלען פיונעראל בענעפיט פאַר אים. דער סעמעטערי דעפּאַרטמענט האָט ערקלערט, אַז ביי איינציגע קאָנווענשאָנס פון אַ. ר., ביי די פיונעראל סעשאָנס, איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען צאָלען פיונעראל בענעפיט פאַר מענער פון פרויען מיטגלידער, און די קאָנווענשאָנס האָבען יעדען מאָל באַשלאָסען ניט אויסצוצאָלען. די גריווענס קאָמיטע האָט אַנטשיידעט, אַז פיונעראל בענעפיט ווערט געצאָלט ניט צו די לעבעדיגע, נאָר פאַר די אויסגאַבען פון יענע פאַרשטאָרבענע, וועלכע זיינען דורכאויס אָפּהענגיג פון דעם מיטגליד. אין דעם פאַל ווערט באַטראַכט, אַז אַ מאַן איז ניט אָפּהענגיג פון דער פרוי, נאָר פאַרקערט, די פרוי איז אָפּהענגיג פון מאַן. דערפאַר האָבען סיי די קאָנווענשאָנס און זיי אונזער ליגעגל אדווייזער אויסגעטייטשט, אַז ווען אַ פרוי איז אַ מיטגליד אין אַ. ר. און איר מאַן ניט, און ווען דער מאַן שטאַרבט, איז זי ניט באַרעכטיגט צו קיין פיונעראל בענעפיט פאַר'ן מאַן, ווייל אַ מאַן ווערט באַטראַכט אַלס גענוג זעלבסטשטענדיג אַליין צו באַלאַנגען צו אַן אָרגאַניזאַציע. מיר האָבען דארום באַשלאָסען די האַנדלונג פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט גוטצוהייסען און צוריקוויזען זייער אַפּיל.

אַ מיטגליד פון בר. 478, שיקאַגאָ, האָט אַפּעלירט געגען איינציגע האַנדלונגען פון ברענטש. די באַשלוסען פון ברענטש און די אַנטשיידונגען פון דער נאַצ. גריווענס קאָמיטע זיינען ווי פאָלגט:

1) ווען אַ נייער קאַנדידאַט איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען, האָט דער טשערמאַן פון ברענטש ביים אויפנעמען אים ערקלערט, אַז לויט דער פּרינציפּען־ערקלערונג פון אַ. ר. דאַרף ער אין צייט פון וואַלען שטימען פאַר די עקסטרים „לינקע". דער ברענטש האָט די האַנדלונג מאָטיווירט, אַז צוליב דעם וואָס אָפּיציעל איז דאַמאָלס קיין פּרינציפּען־ערקלערונג ניט געווען, האָט דער ברענטש אָנגענומען זיין אייגענע פּרינציפּען־ערקלערונג. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז קיין ברענטש האָט ניט קיין רעכט אָנצונעמען אַ באַזונדערע פּרינציפּען־ערקלערונג, ווייל ווען דאָס וואָלט ערלויבט געוואָרען, וואָלט יעדער ברענטש געהאַט אַ פּרינציפּען־ערקלערונג צוגעפּאַסט צו זיינע מיטגלידער און צו זיינע לאָקאַלע באַדינגונגען. דאָס וואָלט געווען שעדליך פאַר'ן אַ. ר.

2) דער טשערמאַן פון ברענטש האָט זיך אַנטזאַגט אויפצונעמען אַן אָבדזשעקשאָן פון דעם אַפּעלאַנט געגען אַ נייעם קאַנדידאַט, ווען יענער איז אויפגענומען געוואָרען. דער טשערמאַן האָט גע'טענה'ט, אַז דער אָבדזשעקשאָן האָט געדאַרפט געמאַכט ווערען ביים פאָרשלאָגען דעם קאַנדידאַט. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען ערקלערען דעם ברענטש, אַז ביים אויפנעמען נייע מיטגלידער קענען געמאַכט ווערען אָבדזשעקשאָנס. אויך איז באַשטימט געוואָרען ענטפערען דעם אַפּעלאַנט, אַז אויב ער האָט אַן אָבדזשעקשאָן געגען יענעם מיטגליד, קען ער זיך ווענדען וועגען דעם צו דער אָפּיס קאָמיטע.

3) אַ געוויסער מיטגליד איז ערוויילט געוואָרען אין ברענטש צו זיין פאַרטראָטען ביי דער נאָמינייטשאָן קאָנפערענץ, אָבער יענער האָט דעם קרעדענשעל איבערגעגעבען צו אַ צווייטען. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען ערקלערען דעם אַפּעלאַנט, אַז ער דאַרף די קלאַגע געגען יענעם מיטגליד, וועלכער האָט איבערגעגעבען דעם קרעדענשעל, אַריינברענגען פריער אין ברענטש.

4) די עקזעקוטיוו פון ברענטש האָט ערוויילט דעלעגאַטען צו דער האַלב־יערליכער דיסטריקט קאָנפערענץ. דער אַפּעלאַנט האָט פּראָטעסטירט געגען דער האַנדלונג. די גריווענס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז די ברענטש עקזעקוטיוו האָט ניט קיין רעכט צו שיקען דעלעגאַטען צו אַ דיסטריקט קאָנפערענץ, נאָר דער ברענטש אַלס גאַנצער דאַרף אַזעלכע דעלעגאַטען ערוויילען ביים מיטינג, אויסער ווען דער ברענטש אויטאָריזירט די לאָקאַלע עקזעקוטיוו פריער צו ערוויילען דעלעגאַטען.

דער רעפּאָרט פון דער גריווענס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע

בר. ראָטהמאַן, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט:

די „שורעטי קאָמפּאַני" האָט פאַרלאַנגט, אַז דער אָפּיס זאָל אונטערשרייבען אַ וואָראַנט צו אַרעסטירען אַ געוויסען סעקרעטער פון אַ ברענטש פאַר מיסברויכען געלדער. לויט דעם רעקאָרד פון דער קאָמפּאַני, האָט די זעלבע פּערזאָן פאַרנומען געלדער אין אַ צווייטען ברענטש, וואו ער איז געווען סעקרעטער. די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען אונטערצושרייבען אַזאַ וואָראַנט.

די אָפּיס קאָמיטע האָט באַשלאָסען, אַז צו אַלע געשטראָכענע מיטגלידער זאָל אַרויסגעשיקט ווערען אַ ספּעשעל בלאַנק מיט פראַגען, אויף וועלכע זיי ווערען געבעטען צו ענטפערען. אָט די דאָזיגע פראַגען וועלען אַרויסגעשיקט ווערען צוזאַמען מיט אַ נאָטיץ וועגען זייער שטרייכען, און אויב די באַטרעפענדע וועלען ענטפערען, וועט דאָס קענען געבען אַ גוטען באַגריף וועגען די אורזאַכען וואָרום זיי האָבען זיך געשטראָכען. אָט די ליסט מיט אָנפראַגען וועט געשיקט ווערען צו יעדען געשטראָכענעם מיטגליד צוזאַמען מיט אַ קאָנווערט אַדרעסירט צום דזשענעראל אָפּיס.

די אָפּיס קאָמיטע האָט פאַרהאַנדעלט די פראַגע וועגען דעם, צי עס וואָלט געווען ראַטזאַם, אַז די נאַצ. עקזעקוטיוו זאָל ערקלערען אַ מאַניפעסט אַריינצונעמען צוריק אַלע מיטגלידער, וועלכע זיינען געשטראָכען געוואָרען אין פאַרלויף פון לעצטען יאָר און באַפרייען זיי פון די חובות וואָס זיי זיינען געבליבען שולדיג אין די באַטרעפענדע ברענטשעס, ווען זיי האָבען זיך געשטראָכען. עס ווערט באַשלאָסען אַזאַ מאַניפעסט ניט צו ערקלערען.

דער רעפּאָרט פון דער אָפּיס קאָמיטע ווערט גוטגעהייסען.

## רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע

פר. אַשפּיז, טשערמאַן פון דער קאָמיטע, באַריכטעט, אַז נאָך דעם לעצטען אינצידענט אין סאַניטאַריום איז דר. האַלפּערן אַרויסגעפאָרען אַהין, אַזוי שנעל ווי ער איז געקומען צוריק פון אייראָפּא. ווען דר. האַלפּערן האָט זיך דורכגערעדט מיט דר. אַנטאָנאָווסקי וועגען דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט, האָט דער לעצטער אַריינגעגעבען זיין רעזיגנאַציע אַלס מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט פון סאַניטאַריום. די סאַניטאַריום קאָמיטע האָט די רעזיגנאַציע אָנגענומען און באַשלאָסען אים געבען געהאַלט פאַר 2 מאָנאַטען.

דערווייל איז דר. ל. ראָזענבערג, וועלכער איז געווען פאַרבונדען מיט אונזער סאַניטאַריום, אָנגעשטעלט געוואָרען צו פאַרנעמען צייטווייליג דעם אַמט פון דעם מעדיקאַל דירעקטאָר. דר. ראָזענבערג, וועלכער איז שטענדיג געווען פריינדליך צו אונזער אַנשטאַלט, איז געווען גוט גענוג אָנצונעמען אָט דעם צייטווייליגען אַמט, וויסענדיג ווי אונזער סאַניטאַריום נייטיגט זיך אין אַ מענשען, וועלכער איז באַקאַנט מיט דער אַרבייט און מיט די פונקציעס פון אַ מעדיקאַל דירעקטאָר און סופּעראינטענדענט.

דער נייער רעזערוואָאַר איז שוין באַלד פאַרטיג. צווישען דעם אַלטען און נייעם רעזערוואָאַר איז געמאַכט געוואָרען אַ וואַנט, אַזוי דאָס אין אַ דרינגענדען פאַל זאָל מען קענען זיך באַנוצען מיט דעם צווייטען רעזערוואָאַר.

דער אינזשעניר, מר. האָלסמאַן, איז אַוועק און אַ צווייטער איז אָנגעשטעלט געוואָרען אויף זיין פּלאַץ.

אַלס טשיקען־מאַן איז אָנגעשטעלט געוואָרען מר. קראָנען, אַ מענש וועלכער פאַרשטייט זייער גוט זיין פאַך און וועלכער איז שוין אַמאָל געווען אין סאַניטאַריום ביי דער זעלבער אַרבייט.

די איצטיגע קעכין איז ניט צופרידענשטעלענד און די קאָמיטע זוכט אַ צווייטע קעכין צו פאַרנעמען איר פּלאַץ.

איינציגע ברענטשעס האָבען אָנגעפרעגט וועגען דעם לעצטען אינצידענט אין סאַניטאַריום. ביי מאַנכע פון די ברענטשעס וועט די סאַניטאַריום קאָמיטע זיין פאַרטראָטען, אום פּערזענליך צו געבען אַן ערקלערונג. צו אַנדערע וועט געשיקט ווערען אַ שריפטליכע ערקלערונג.

פר. אַשפּיז ערקלערט, אַז די אויסבעסערונגען, אָנגעדייטעט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע צוזאַמען מיט דער קאָמיטע פון דער נאַצ. עקזעקוטיוו, זיינען דורכגעפירט געוואָרען. דאָס עסען איז פיל פאַרבעסערט געוואָרען, אויך זיינען געמאַכט געוואָרען אויסבעסערונגען אין דעם הינזיכט פון ריינקייט און סאַניטאַרע פראַגען.

נאָכדעם ווי עס ווערען געשטעלט איינציגע פראַגען, ווערט דער רעפּאָרט פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע גוטגעהייסען.

### וועגען די $1000 פאַר אַמנעסטי און דעפענס

עס ווערט באַשלאָסען איבערגעבען צו דער אָפּיס קאָמיטע איינצוטיילען די $1000, וואָס זיינען באַוויליגט געוואָרען פון דער לעצטער קאָנווענשאָן פאַר אַמנעסטי און דעפענס צוועקען.

---

פר. ל. ראָטהמאַן און מאָלאָט ווערען ערוויילט צו ציילען דעם רעפערענדום־באַלאָט וועגען שטיצען דעם „האַיאַס".

---

עס ווערט באַשטימט, אַז דער נעקסטער מיטינג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 5־טען נאָוועמבער.

פ. געליבטער, רעק. סעקר.

# בר. 496 טעטיג פאַר'ן אידגעזקאָם.

אויף אַ פּיקניק פון בר. 496 איז געקליבען געוואָרען פון די טוער פון דעם ברענטש דרייסיג דאָלאַר פאַר'ן אידגעזקאָם צו פאַרנומען פאַר די אַרבייטער־אינסטיטוציעס אין רוסלאַנד. דער ברענטש האָט איצט ערוויילט אַ נייעם סעקרעטאַר און. עס איז צו ערוואַרטען, אַז פר. ישראל הערצפעלד, דער נייער סעקרעטאַר, וועט פּינקטליך ערפילען זיינע פליכטען.

---

בר. 650 פון ברוקלין, דער לינקאָלן ענגליש־שפּרעכענדער ברענטש, האָט דעם 20־טען יולי געפייערט זיין צווייטען יערליכען יובילעאום, ביי וועלכען עס זיינען אַנוועזענד געווען אַלע זייערע מיטגלידער און זייערע פריינד. אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר האָט דער ברענטש געמאַכט אַ גרויסען פאָרשריט. זיי האָבען צוגעצויגען צו זיך אַ יונגען פּראָגרעסיווען ענגליש־שפּרעכענדען עלעמענט, וואָס האָט זיך שוין לאַנג געפּרואווט אָנשליסען אָן אַ. ר. דער ברענטש האָט זייער גוטע אויסזיכטען פאַר ווייטערדיגען ערפאָלג און אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר האָט ברענטש געטאָן אַ סך גוטע אַרבייט. ביי דער פייערונג פון יובילעאום האָבען זיי אַריינגענומען 4 נייע מיטגלידער און 6 קאַנדידאַטען זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרען.

# פון מאָנאַט צו מאָנאַט

(שלוס פון זייט 4)

איר די פולע טראַגישע באַדייטונג פון דעם—„בניך ובנותיך נתונים לעם אחר“? אָט די קללה איז באַרופען די א. ר. שולע צו באַזייטיגען. זי וויל אָפּטויטען די שעדליכע השפּעות, וואָס אונזערע קינדער באַקומען אין דער הפקר־דיגער גאַס, אין דער תלמוד־תורה, וואו עס איז נישטאָ ניט קיין תלמוד און ניט קיין תורה, אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּאַבליק־סקול, וואו זיי לערנען זיך צו קוקען מיט פיינטשאַפט אויף אַלץ וואָס איז אונז ליב און טייער.

און ליב און טייער איז אונז דער אייביגער גייסט, וואָס הערשט אין אונזערע אידעאַלען פאַר א בעסערען און שענערען מענשען און פאַר א פרייערער און גלייכערער וועלט. ליב און טייער זיינען אונז אַלע אייביגע ווערטען פון דער אידישער קולטור, וואָס איז אַן אַנגעזעענער טייל פון דער וועלט־קולטור. ליב און טייער איז אונז אונזער ליטעראַטור, וואָס איז אויסגעוואַקסען צוזאַמען מיט אונזער ערוואַכונג פון אונזער גלות־שלאָף צו דעם באַוואוסטזיין פון א פרייען מענשען און קעמפער. ליב און טייער איז אונז אונזער שפּראַך, אויף וועלכער מיר קענען זיך אַמלייכסטען און נאַטירליכסטען צוזאַמענריידען וועגען אונזערע אינטימסטע אַנגעלעגענהייטען. מיר ווילען דאָס איבערגעבען אויף דעם נאַטירליכסטען און צוועקמעסיגסטען אופן צו אונזערע קינדער און פאַר דעם צוועק האָבען מיר געגרינדעט אונזערע א. ר. שולען.

עס האָט זיך אָקאָרשט געעפענט דער נייער שול־יאָר ביי אונז. אונזערע שולען קענען נאָך אריינגעמען פאַר דעם מאָנאַט א גרויסע צאָל קינדער. איידער עס ווערט שפּעט פאַר דעם ווינטער, פאַרנאַכלעסיגט ניט אייער פליכט אַלס פאָטער און א. ר. מיטגליד. רעגיסטרירט אייער קינד אין דער אַרבייטער־רינג שולע, וואָס איז נאָענט צו אייך. שיקט אים אַהין לערנען און פאָלגט נאָך אויפמערקזאַם זיין אַנטוויקלונג און זיינע אויפפירונגען.

און אויף אייך, טוער אין די א. ר. ברענטשעס, און אין די פאַרשידענע סיטי און דיסטריקט קאָמיטעס, ליגט די פליכט פון העלפען אונזערע שולען מיט אַלץ וואָס איר קענט, מיט אייער איינפלוס און וואָרט, מיט אייער געניטשאַפט און האַנדלונג. איר קענט פיל העלפען זייער בכבוד'יגע אויפהאַלטונג. דורך אייער ערפאַרונג קענען פאַרמידען ווערען פיל טעות'ן. העלפט אונזערע שולען אויף אַלע געביטען און איר העלפט דעם א. ר. אין זיין שענסטען און ווייטגרייכענדסטען אויפטו.

* * *

**א וויטער זיג וואָס איז אויך אונזער זיג**

נאָך די פריקרע רעזולטאַטען, וואָס מיר האָבען געהאַט ביי אונז אין אַמעריקע אין די וואַלען פון 7־טען נאָוועמבער, האָבען מיר אין צען טעג שפּעטער באַקומען די פרייליכע נייעס פון ענגלאַנד וועגען דעם גרויסען נצחון פון דער לייבאָר־פאַרטיי אין די וואַלען. און די נייעס איז אַזוי דערמונטערענד פאַר אונז, ניט נאָר דערפאַר, וואָס דאָס ווייזט, אַז דער ענגלישער אַרבייטער־קלאַס וועט אַלץ מער באַוואוסטזיניג און אָרגאַניזירט זיינע כחות פאַר א קאַמף מיט דער הערשענדער אָרדענונג, נאָר אויך דערפאַר, וואָס דער זיג אין ענגלאַנד וועט אָן ספק צואיילען דעם מאָמענט, ווען אויך ביי אונז זאָל געגרינדעט ווערען אַזאַ, אָדער ענליכע לייבאָר־פאַרטיי, וואָס זאָל אָרגאַניזירען פּאָליטיש דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער־קלאַס.

די צייט דערפאַר איז שוין מער ווי צייטיג. נאָך קיינמאָל האָט זיך אין די פאַראייניגטע שטאַטען ניט געפילט אַזוי די נייטיגקייט פון אַזאַ פאַרטיי ווי איצט, ווען די שוואַכע פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע אַרבייטער־באַוועגונג איז צעשפּליטערט, און די רעאַקציע אין לאַנד האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער גאָמפּערסיזם האָט נאָך אַלץ זיינע פעסטונגען און אַז עס איז צו ערוואַרטען א גאַנץ האַרטנעקיגען קאַמף אַרום דער פראַגע. אָבער דער רעזולטאַט פון די וואַלען אין ענגלאַנד וועט געוויס אַרויסנעמען ניט איין ציגעל פון די גאָמפּערסיסטישע אַלט־פרענקישע פעסטונגען.

מיר גראַטולירען אונזערע ענגלישע ברידער מיט זייער גרויסען זיג. מיר וועלען אויפמערקזאַם נאָכפאָלגען זייערע ווייטערע קאַמפען, ביז אויף דעם בוקינגהאַם־פּאַלאַץ וועט ניט הויך פלאַטערען די רויטע פאָן פון אַרבייטער־קלאַס.

## מאַכט לעבעדיגער אייערע ברענטש־מיטינגען!

די ריינע ביזנעס־מיטינגען ווערען דערעסען. פיל מיטגלידער האָבען ניט קיין אינטערעס אָפּצוזיצען א גאַנצען אָוונט איבער פראַגען, וואָס באַפרידיגען ניט זייערע דראַנגען און פאַרלאַנגען.

פירט איין אויף אייערע מיטינגען דיסקוסיעס וועגען פאַרשידענע פראַגען. זאָל איינער איינלייטען, א צווייטער וועט אים אָפּאָנירען און אַלע מיטגלידער וועלען אריינגעצויגען ווערען אין דער פראַגע און וועלען אויסלייטערען א מיינונג.

### אינטערעסאַנטע א. ר. פראַגען:

1) צי זאָל דער ניו־יאָרקער מעדיקאַל דעפּאַרטמענט פון א. ר. נאַציאָנאַליזירט ווערען פון גענעראַל־אָפּיס?

2) צי זאָל דער א. ר. איינפירען „פּאָליסים“ פאַר „עקסידענטס“?

3) צי קענען ערוויילט ווערען אין אַן א. ר. סיטי, אָדער דיסטריקט קאָמיטע, אויך ניט־דעלעגאַטען אויף דער קאָנפערענץ, בשעת זיי זיינען צופעליג אַנוועזענד?

### אַלגעמיינע אַרבייטער־פראַגען:

1) העלפט דער טאַריף אויף אויסלענדישע סחורות אויפצוהייבען די שכירות פון אַרבייטער?

2) זאָל דער א. ר. באַטייליגען זיך אין א לייבאָר־פּאַרטיי, אויב אַזאַ וועט געגרינדעט ווערען אין אַמעריקע?

3) וואָס איז דער אונטערשיד צווישען קאָמוניזם און סאָציאַליזם?

# רעזאָלוציעס

ביי אַן אַלגעמיינעם מיטינג, שבת דעם 19־טען אויגוסט 1922, פון די מיטגלידער פון אַלע לאָס־אנדזשעלעסער ברענטשעס פון אַ. ר. ווערט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

אין אנבאַטראַכט, אַז די קאַליפאָרניער אַ. ר. ברענטשעס בכלל און די מיטגלידער בפרט האָבען קיינמאָל ניט פאַרלאַנגט פון דער נ. ב. א. ד., אַז זיי זאָלען אָרדערען נייע וואַלען פאַר אַ דירעקטאָר פון קאַליפאָרניע סטייט; אַז די נ. ב. א. ד. האָבען זיך ניט גענומען די מיה אויסצוגעפינען דעם סענטימענט פון די מיטגלידער פון אַ. ר. פון קאַליפאָרניע סטייט אין באַצוג זייער דירעקטאָר; אַז די נ. ב. א. ד. מיט זייער האַנדלונג אין דעם פאַל האָבען איבערגעטראָטען די געזעצליכע זייט פון אונזערע קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס, לויט אַרטיקעל 11 און פאַראַגראַף 16; אַז די וואַלען פון קאַליפאָרניער דירעקטאָר איז פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע דערקלערט געוואָרען געזעצליך, און אַלס אַ פאַקט איז דער קאַליפאָרניער דירעקטאָר געווען אנערקענט און פאַררעכענט פאַר דעם געזעצליכען פאַרטרעטער צו צוויי צוזאַמענפאָרען פון נ. ב. א. ד. — דעריבער דריקען מיר אויס אונזער אַנטריסטונג געגען דער האַנדלונג פון רער נ. ב. א. ד. פאַר נעמען זיך די רעכט צו פסל'ען די פריערדיגע וואַלען און אָרדערען נייע וואַלען פאַר אַ קאַליפאָרניער דירעקטאָר.

צו דער זעלבער צייט נעמען מיר זיך אונטער מיט צופרידענהייט אויסצופירען דעם פאַרלאַנג פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע צו ערוויילען אַ נייעם דירעקטאָר. מיר פאַרפליכטען זיך אָבער צו אַרבייטען פאַר דער ווידערערוויילונג פון פר. חיים לייב סיימאָנס אַלס דעם דירעקטאָר און מיט דעם פאַקט פעסטצושטעלען אונזער פאַרלאַנג און שטעלונג.

מיר דריקען אויך אויס אונזער אַנטריסטונג פאַר דער אומפאַראַנטוואָרטליכער האַנדלונג פון דער סיטי און דיסטריקט קאָמיטע פון לאָס־אנדזשעלעס, וואָס האָט מיסברויכט איר אַמט פאַר קליינליכע, פערזענליכע אַמביציעס, פאַר האָבען דורך פאַלשע פאַקטען געווירקט אויף דער נ. ב. א. ד. צו טאָן דאָס פריער־דערמאָנטע.

---

נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט, אַז די סיטי און דיסטריקט קאָמיטע איז באַרופען, זי זאָל אויפפאַסען אויף די ברענטשעס, אַז האַרמאָניע זאָל הערשען צווישען די מיטגלידער בכלל און צווישען די ברענטשעס בפרט; אַז די אויפגאַבע פון אַ סיטי קאָמיטע איז דורכצופירען די פאַרלאַנגען און באַשלוסען פון די מיטגלידער אין איר דיסטריקט, ווי אויך פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע; אַז אנשטאָט צו טאָן דאָס אויבען־דערמאָנטע האָבען די לאָס־אנדזשעלעס סיטי און דיסטריקט קאָמיטע, באַלד נאָך דעם ווי זיי זיינען אַריין אין אַמט, אויסגענוצט זייער מאַכט און פאַרגוואַלטיגט דעם ווילען פון אַלע לאָס־אנדזשעלעסער מיטגלידער פון אַ. ר., ווי אויך פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע; אַז אנשטאָט צו טאָן קולטורעלע אַרבייט, שאַפען האַרמאָניע אין די ברענטשעס א. אַז. וו. האָט די קאָמיטע געפירט אינטריגעס און מיט דעם אַריינגעבראַכט אַ כאַאָס און געשטערט די אַרבייט פון די ברענטשעס; אַז זיי האָבען זיך אַנטזאַגט צו רעזיגנירען נאָך דעם ווי ביי אַ מיטינג פון די מיטגלידער פון אַלע ברענטשעס פון לאָס־אנדזשעלעס, פאַררופען פון דער סיטי קאָמיטע, האָבען איינשטימיג אויפגעפאָדערט די סיטי קאָמיטע, אַז זיי זאָלען רעזיגנירען, — דעריבער ווערט באַשלאָסען, אַז מיר דריקען אויס אונזער אַנטריסטונג געגען דער לאָס־אנדזשעלעס סיטי קאָמיטע און מיר פאַרדאַמען זייערע האַנדלונגען.

---

אין אנבאַטראַכט, אַז דורך דער ניט־טאַקטישקייט, ווי אויך דורך דער פערזענליכער קליינליכקייט פון דער לאָס־אנדזשעלעסער סיטי דיסטריקט קאָמיטע פאַר אַנטזאַגען זיך צו רופען אַ גענעראַל־מיטינג פאַר דעם באַריכט פון צווייטען צוזאַמענפאָר פון דער נ. ב. א. ד., און אַז צוליב דעם האָבען די אַ. ר. מיטגלידער פון לאָס־אנדזשעלעס ניט געהאַט די מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט דער אַרבייט פון דער נ. ב. א. ד., וואָס איז די העכסטע אינסטאַנץ פון אַ. ר. — באַשליסען מיר אויסדריקען אַ הערצליכען דאַנק און אנערקענונג צו בר. 248 פאַר נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע פון צו רופען אַן אַלגעמיינעם מיטינג פאַר דעם באַריכט פאַר אונזער דירעקטאָר.

א. רובין, בר. 248
ד. דאַנילאָף, בר. 512
פיליפ סאַפירסטיין, בר. 143
ש. קאַדיש, בר. 655.

---

## פראָטעסט־רעזאָלוציע

מיר, די מיטגלידער פון י. ל. פרץ בר. 573 אַ. ר., סט. פאול, מינעסאָטא, פאַרזאַמעלט ביי אונזער מיטינג פרייטאָג דעם 15־טען סעפטעמבער 1922, האָבען באַשלאָסען אָנצונעמען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז דער אַ. ר. איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַריין מיטגלידער פון פאַרשידענע פאָליטישע, סאָציאַליסטישע ריכטונגען; אין אנבאַטראַכט, אַז די נאַצ. עקזעק. קאָמיטע פון אַ. ר., וואָס איז אָנפאָרטרויט צו פאַרוואַלטען מיט די געשעפטען פון אַ. ר., דאַרפען האַנדלען אין יעדער פראַגע אומפאַרטייאיש, כדי ניט אַריינצוברענגען קיין רייבונגען צווישען אָט די מיטגלידער, וואָס האָבען פאַרשידענע אנשויאונגען; אין אנבאַטראַכט, אַז די נאַצ. עקז. פון אַ. ר. האָט געהאַנדעלט אומגערעכט אין באַצוג צו דער דיסטריקט קאָמיטע פון באָסטאָן און אומגעגענט, און אויך צום קליוולאַנד בר. פון אַ. ר. פאַר ניט וועלען אָננעמען די הערשענדע מיינונג, און נאָר דערפאַר ווייל אָט די באָסטאָן דיסטריקט קאָמיטע און אויך די קליוולאַנדער מיטגלידער דענקען אַנדערש ווי די נאַצ. עקזעק. קאָמיטע, — זיי עס באַשלאָסען, אַז אונזער ברענטש דריקט אויס זיין שאַרפסטען פראָטעסט צו דער נאַצ. עקזעק. קאָמיטע פאַר אַזאַ פאַרטייאישער האַנדלונג. זיי עס אויך באַשלאָסען, אַז מיר שטייען מיט דער באָסטאָנער דיסטריקט קאָמיטע און אויך מיט די קליוולאַנדער אַ. ר. מיטגלידער.

י. ל. פרץ בר. 573 אַ. ר., סט. פאול, מינעסאָטא.
ה. ליפשיץ, מ. קאַסטין, מ. זאַסלאַווסקי, קאָמיטע.

---

ענליכע רעזאָלוציעס זיינען אָנגענומען פון פאָלגענדע ברענטשעס:
בר. 84, פליינפילד — אונטערגעשריבען א. גאָלדבערג און ס. לעווין.
בר. 225, אדעסער — מאַנדעל און וואָסעק. ....
בר. 264, שיקאַגאָ — ה. שלאָסבערג, וו. קלעבאַן, י. בערמאַן.
בר. 266, סט. פאול — ה. ראָהסט און אַ. בערניק.
בר. 305, פילאַדעלפיע — ה. קאָהן, ב. זעווין און ד. קוהר.
בר. 376, שיקאַגאָ — מ. בלום, מ. רובעלל און י. פרידמאַן.
בר. 395, ראַק־איילענד — ג. סטיק, מ. פאָליאַק, ס. זיסער.
בר. 519, שיקאַגאָ — י. פעדערמאַן, ט. קישינעווסקי, ל. רובינשטיין.
בר. 549, שיקאַגאָ — פ. גודמאַן, מ. פיינער, ל. גראָס.
דזשאָינט מיטינג פון די ברענטשעס: 318, 418, 435 און 680 — אונטערגעשריבען: מ. בערגשיין, ט. לאַיעווסקי, ב. קאָהען, ח. וויינבערג, ב. אָקון, ס. גרין, ג. וויינבערג, מ. קאַצמאַן.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 3 אַ. ר., פראָטעסטירען געגען דער פאַלשער אויסטייטשונג פון פונקט 2, אַרטיקעל 18, פון דער אַ. ר. קאָנסטיטוציע. די אויסטייטשונג האָט געפירט, אַז עס זאָלען ערוויילט ווערען מיטגלידער אין דער סיטי קאָמיטע, וועלכע זיינען ניט געווען קיין דעלעגאַטען צו דער סיטי קאָנפערענץ, ניט קוקענדיג אויף די פראָטעסטען פון אַ טייל פון די דעלעגאַטען.

מיר פראָטעסטירען אויך געגען דער גוטהייסונג פון דעם באַריכט פון דער סיטי קאָמיטע וועגען מאַכען „מעמבערס עט לאַרדזש", כאָטש מיר אנערקענען, אַז די סיטי קאָמיטע האָט אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט דאָס צו טאָן, האָבען זיי אָבער קיין מאָראַלישע רעכט צו מאַכען מיטגלידער פאַר מעמבערס עט לאַרדזש אָן דער צושטימונג פון די ברענטשעס, צו וועלכע די מיטגלידער באַלאַנגען.

אויסער די צוויי פונקטען ווערט דער איבעריגער באַריכט פון סיטי קאָנפערענץ גוטגעהייסען.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: י. קאופמאַן, דזש. עמיל.
ק. מאָרגענראָטה, מ. וויינבלאַט, ס. האַמבורג, די קאָמיטע.

---

מיר פראָטעסטירען געגען דער האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע פאַר אַרויסנעמען מיטגלידער פון ברענטשעס און מאַכען זיי מעמבערס עט לאַרדזש, ווייל מיט אַזעלכע מיטלען קען מען דעם אַ. ר. ניט פאַרגרעסערען.

מיר פאָדערען פון נאַצ. באָרד אָף דירעקטאָרס צו ריאינסטייטען די זעלבע צוריק אין זייערע ברענטשעס.

מיר פראָטעסטירען געגען די פאַרטרעטער פון עקז. באָרד ביי דער סיטי און דיסטריקט אָרג. קאָם. קאָנפערענץ, וועלכע האָבען ערלויבט צו באַזוויטיגען די קאָנסטיטוציע פון אַ. ר. און וועלכע האָבען ערלויבט צו ערוויילען פאַר דעם קומענדען יאָר אויך מיטגלידער ניט דירעקט פון ברענטשעס, נאָר פון דער אַלטער סיטי און דיסטריקט אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע.

סלוצקער בר. 500 אַ. ר.
ראָטשין, בענענסאָן, טערין, רעזאָל. קאָם.

---

מיר באַדויערען וואָס די נאַצ. עקז קאָם. האָט איגנאָרירט די איינלאַדונג פון אונזער ברענטש צו שיקען אונז אַ קאָמיע אום אונז אויפצוקלערען און קלאָר מאַכען אין באַצוג זייער פאַנאַנדערלאָזען די

באסטאנער דיסטריקט אקמיטע; דעם אויפלייזען פון בר. „פרייהייט" אין באסטאן און זייער דיסציפלינירען אנדערע ברענטשעס, קאמיטעס און איינצעלנע מיטגלידער. מיר האבען געמוזט באקאנט ווערען מיט דער פראגע דורך צושריפטען, צייטונגס־ארטיקלען און דיסקוסיעס, און באשלאסען אויסצודריקען אונזער פראטעסט און באדויערען וואס די נאצ. עקז. קאמ. האט אין איר טרויעריגער האנדלונג זיך גע־שטעלט אלס א קעמפענדער צד אין דעם פראקציאנעם קאמף אין א. ר. און דערמיט באשאפען א צושטאנד, אז די לינקע מוזען ריכטען זייער קאמף דירעקט אנטקעגען דער נאצ. עקז. קאמ, וואס דאס ברענגט צו א מער פארשארפטען פראקציאנעם קאמף אין א. ר. מיר רופען אלע ברענטשעס אנצופאנגען אן ארגאניזאציאנס־קאמפיין פאר דער ערוויי־לונג פון אזא נאצ. עקז. קאמ., וועלכע זאל זיך קענען האלטען העכער און איבער דעם דירעקטען פראקציאנעם קאמף און דערמיט אפהיטען די אנגענומענע פרינציפען פון אונזער ארדען, וועלכע האבען אים גרוים און שטארק געמאכט.

די נאווארידקער פראגרעסיוו אסס'ן בר. 146 א. ר.
מ. זוסמאן, סעקר.

## פראטעסט רעזאלוציע

ביי א מיטינג פון אונזער ברענטש, אפגעהאלטען דעם 5־טען נא־ווענבער, וואו עס איז באהאנדעלט געווארען די פראגע וועגען דעם האספיטאל פאר סאוויעט־רוסלאנד, וואס דער א. ר. גייט אויסשטאטען, איז באשלאסען געווארען צו פראטעסטירען געגען דעם לעצטען בא־שלוס פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיוו צו שיקען גוסקין און וויינ־בערג נאך רוסלאנד אויף דעם חשבון פון די געלדער וואס זיינען גע־זאמעלט געווארען פאר דעם האספיטאל. — באשלאסען געווארען צו שיקען די רעזאלוציע אין „פארווערטס", „פרייהייט" און „פריינד".

אין נאמען פון טאמאשאווער בר. 106 א. ר.
פיליפ בארנשטיין, סעק.
ס. לאמאנסקי, מ. נאנאצקי, רעזאל. קאמיטע.

אן ענליכע רעזאלוציע איז אנגעקומען פון בר. 16, פעטערסאן, אונטערגעשריבען א. רובין, י. וויגאדסקי.

## פראטעסט רעזאלוציע געגען דער נאצ. עקזעקוטיוו קאמיטע פון א. ר.

ביי א ספעציעלען מיטינג פון בר. 476 א. ר., אפגעהאלטען זונ־טאג דעם 22־טען אקטאבער, אין פאלקס־הויז, עסקוויט און לעקסינג־טאן סט., איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע:

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז דער ספעשעל רעפערענדום באלאט, וואס איז ארויסגעשיקט געווארען צו די ברענטשעס פאר דער „האיאס" צו שטימען פאר 25 סענט אדער 15 סענט, און ס'איז נים געשטעלט געווארען דאגעגען.

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אזא באלאט איז נאך נים אין דער געשיכטע פון א. ר. עקזיסטענץ ארויסגעשיקט געווארען צו שטימען בלויז דאפיר און נים דאגעגען, גלויבען מיר אז די נאצ. עקזעק. האט זיך גענומען צופיל רעכט צו האנדלען, דעריבער ווערט באשלאסען אויסצודריקען אונזער פראטעסט און אנטריסטונג געגען אזא רעפע־רענדום

באשלאסען צו פארעפענטליכען די רעזאלוציע אין „פארווערטס", „פריינד" און „פרייהייט". עס ווערט אויך באשלאסען אז א קאפיע פון דער רעזאלוציע זאל געשיקט ווערען צו דער נאצ. באארד און די־רעקטארען, אז זיי זאלען צוריקרופען דעם באלאט.

א. קאנטראקט, פינ. סעק. בר. 476.

## בריף־קאסטען

ב. איבעראל, סעק. בר. 50: מיר וועלען נים דרוקען דעם אויפ־רוף פון ברענטש און ממילא איז שוין נים נויטיג צו דרוקען אייער ערקלערונג. דער ברענטש האט דאך שוין ארויסגעשיקט דעם בריף צו אלע ברענטשעס, טא צו וואס דארף מען אים נאך אמאל איבערדרוקען אין „פריינד"? דער פלאן איז דאך אזוי באגרעניצט, און ווען מיר וואלטען דרוקען דעם בריף, פארוואס שוין נים דרוקען די בריף פון אלע ברענטשעס וואס שיקען ארויס בריף? מיר האבען קיין עין־הרע איבער 700 ברענטשעס און אויף דעם געביט זיינען כמעט אלע זייער טעטיג. דער הספד וועט ווערען פארקירצט און וועט אריין אלס טרוי־ער־רעזאלוציע אין דעם דעצעמבער נומער „פריינד".

א. לאשער, שיקאגא: איר האט א טעות, ווען איר מיינט, אז דער רעקארד אויף וועלכען מיר האבען זיך געשטיצט שרייבענדיג דעם ארטיקעל איז אן אלטער און קען שוין איצט נים באנוצט ווערען. אזוי גוט ווי עס זיינען פאראן מיטגלידער, וואס זיינען פריער געוועזען ארבייטער און איצט זיינען זיי בעלי־בתים, קענט איר אויך געפינען א פארקערטע ערשיינונג, און טאקע ביי אייך אין שי־קאגא, אין ניו־יארק און אין פילאדעלפיע, וואו פריערדיגע באלע־באטישע עלעמענטען זיינען איצט אמת'ע פראלעטאריער. געוויינליך זיינען מער פאראן אזעלכע, ווי איר האט אנגעוויזען, אבער נים אויף אזוי פיל, אז דאס זאל אומווארפען די אויספירען צו וועלכע מיר זיינען געקומען אין יענעם ארטיקעל.

י. פ־ד צהר: צו שוואך פאר א דעביוט. אפשר וואלט דאס נאך געקענט גיין אין א טעגליכער צייטונג. פאר א זשורנאל פאסט זיך דאס נים.

א. מ. קאהען, ניו־יארק: מיר האבען שוין אמאל אנגעוויזען אין בריף־קאסטען פון דעם סעפטעמבער נומער, אז דער באלעבאס איבער די עדיטאריעלס אין „פריינד" איז די נאציאנאלע עקזעקוטיוו פון א. ר., וואס גיט ארויס דעם זשורנאל. דער רעדאקטאר מוז נים שרייבען אלע עדיטאריעלס און מוז נים זיין איינשטימיג מיט אלץ וואס גיט ארויס אונטער זיין רעדאקציע.

י. סיגעל, בר. 638: אייער בריף ווערט איבערגעגעבען צו דער עקזעקוטיוו קאמיטע. וואלט ער נים געווען אזוי לאנג, וואלטען מיר אים געדרוקט אין דעם נומער „פריינד", אלס אן אפענעם בריף. גע־וויינליכע בריף צו דער עקזעקוטיווע ווערען נים פארעפענטליכט אין „פריינד".

י. פאליאק, בר. 587: אלס א פאלעמישען ארטיקעל קענען מיר אייער צושריפט נים דרוקען. די פראגע וואס איר הייבט אויף, אז ליבע האט א גרויסע שייכות מיט זעלבסטמארדען איז א גאנץ באזונ־דערע. געוויס זיינען פאראן נאך צענדליגער אורזאכען פארוואס מענשען באגייען זעלבסטמארד, און ליבע איז איינע פון די באדוי־טענדסטע צווישען זיי. אין דעם זייט איר גערעכט. אבער דער אר־טיקעל פון י. ב. ביילין האט זיך נים באשעפטיגט מיט די איבעריגע אורזאכען נאר מיט דער וויכטיגסטער פון אלע אורזאכען און דאס איז אן שום ספק די עקאנאמישע אומשטענדען. ווען ליבע וואלט געווען די הויפט אורזאך, וואלט זיך דאך נים געמערקט אזא בסדר'דיגע שטייגונג פון יאר צו יאר. אגב איז דער פאקט פון איר־לאנד צום גונסטען דעם שטאנדפונקט פון י. ב. ביילין. אירלאנד איז אן אפגעשטאנענע לאנד אין דעם אינדוסטריעלען זינען. דאס זעלבע זיינען אויך אנדערע קאטוילישע לענדער, ווי שפאניע, פארטוגאל, פראנקרייך און איטאליע, און דערפאר איז די צאל זעלבסטמארדען ביי זיי טאקע פיל קלענער. עס איז שווער אין די ראמען פון אזא קורצען ארטיקעל צו באשעפטיגען זיך מיט אלע אורזאכען, ווייל יענע נים־וויכטיגע אורזאכען וועלען אפילו אין א סאציאליסטישער ארדענונג אויך נים קענען באזייטיגט ווערען.

ה. מ. שיפמאן, בראנקס: א דאנק פאר די קאמפלימענטען. מיר באמיען זיך די גאנצע צייט צו מאכען דעם „פריינד" אזוי אינטערע־סאנט ווי נאר מעגליך.

פרץ פעלמאן, נ. י.: עס וועט נים געדרוקט ווערען. ניטא קיין נייעס.

עס וועלען נים געדרוקט ווערען: עראינערונגען פון א יונגען, ק. צ־ן, א ליד פון די שטארקע; ציען וואלקענס, ציען, פון מ. פעלד־מאן; אן אומעטיגער אווענט, פון ש. לאזענסקי.



זיי זיינען ברייט גענוג
די טויערן פון רוהם,
און הויך און שעהן געוויס,
באפראנזט מיט גלאנץ און שיין —
דאך קען נישט יעדער איינער
צו יעדער צייט אריין...

און מעגט איהר זיין ווי פיין,
ווי קלוג, ווי גוט, ווי פרום —
אויב איהר האט עס נישט פארדיענט
מיט שווערער מיה און פיין,
מיט טרייהייט, איבערגעבענהייט —
וועט איהר קיינמאל דא נישט זיין!

# דאנק רעזאלוציאנען

מיר, די מיטגלידער פון בר. 516 א. ר., דריקען אויס אונזער טיפסטען דאנק צו אונזער געוועזענעם פינאנס־סעקרעטאר פר. וויליאם וועלטמאן און צו זיין פרוי רבקה וועלטמאן, פאר זייער איבערגעבענער און טרייער ארבייט, וואס זיי האבען געלייסטעט פאר די לעצטע פיר יאר פאר אונזער ברענטש. מיר ווינשען זיי א גליקליכע רייזע און מיר האפען אז זיי וועלען נאך מיט מער איבערגעבענהייט פארזעצען זייער ארבייט אין דער ארבייטער־באוועגונג אין דער ערשטער פרייער ארבייטער־רעפובליק סאוויעט־רוסלאנד.

דזש. מען, ל. דרוקער ה. שניידערמאן, דזש. שאפירא,
נ. פייגין, רעזאלוציאנס קאמיטע.

---

אין אנבאטראכט, אז פר. ד. האלפערן האט ערליך און ריכטיג ערפילט זיין פליכט אלס פינאנץ סעקרעטאר פון אונזער ברענטש פאר יארען לאנג; אין אנבאטראכט, אז בר. 36 אנערקענט די גוטע ארבייט פון פר. האלפערן, — זיי עס באשלאסען אויסצושפרעכען אים אן עפענטליכען דאנק און אים פרעזענטירען מיט א סעט זילבערוואַרג אלס אנערקענונג פאר זיין גוטע ערליכע און טיכטיגע ארבייט פאר אונזער ברענטש אין די לעצטע 10 יאר.

מ. ל. ברעכער, פינ. סעקר.

---

זונטאג, דעם 20־טען אויגוסט, איז ביי א גוט־באזוכטען מיטינג פון בר. 110 א. ר., סאוט פראווידענס, איינשטימיג אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע:

אין אנבאטראכט, אז אונזער פינאנץ סעקרעטער און איצטיגער מיטגליד פון בארד אוו דירעקטארס פון ראוד איילאנד, פר. דזש. פאוולאוו, איז געצוואונגען געוועזען צו רעזיגנירען פון זיין אמט צוליב מאטעריעלע אומשטענדען; און נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז ארבייטענדיג פאר פיל יארען אין די אינטערעסען פון ברענטש פלעגט אים פיל מאל אויסקומען צו פארנאכלעסיגען זיין פאמיליע, זיין פרנסה, זיין פריוואטען וואוילזיין לטובה די אינטערעסען פון ברענטש בפרט און פאר'ן אלגעמיינעם א. ר. בכלל; נעמענדיג ווייטער אין אנבאטראכט, אז אין אלע זיינע אקטיווע יארען האט ער אימער ערליך און געטריי אפגעהיט דעם סאציאליסטישען אידעאל, איינגעשפארט, פאר'־עקשנ'ט פעסט און זיבער געוועקט, געמוטיגט דעם גלייכגילטיגען און אפגעשטאנענעם, ניט אפשטעלענדיג זיך אויף זיינע זייטיגע שטערונגען און פריוואטע געוויסען, — זיי עס איינשטימיג באשלאסען אויסצודריקען אונזער הערצליכען דאנק צו אונזער עקס־סעקרעטער פאר זיינע איבערגעגעבענע דינסטען צום ברענטש. אויך איז באשלאסען צו פרעזענטירען אים מיט א ווארטפולען זייגער אלס סואווענער פאר א לאנגען אנדענקען.

האפענדיג אים ווידער צו זען אקטיוו אין אונזערע רייען.

פ. פיין, ב. דובינסקי, קאמיטע.
דזש. חלק, טרעזשורער. א. פיין, עקזעקוטיוו טשערמאן.
ס. אלטמאן, רעק. סעקרעטער.

---

די עקזעקוטיוו קאמיטע פון בר. 287 א. ר. דריקט אויס איר הערצליכסטען דאנק צו די פר. מיס בערנשטיין, מיס בראון, פר. גראנדעל און עטקין פאר אונטערהאלטען אונזערע געסט מיט געזאנג, מוזיק און דעקלאמאציעס ביי דער לעצטער „סאשעל“, געגעבען אין דער ערע פון פר. בראכמאן פאר זיין אפפארען נאך ניו־יארק. מיר האפען אז פר. בראכמאן וועט אויסנוצען זיין אקטיוויטעט אויף דעם געביט פון דעם א. ר. אין ניו־יארק, ווי ער האט עס געטאן ביי אונז.

י. י. גרענט, סעקר. בר. 287 א. ר.

---

אונזער בר. 510 א. ר. האט אויף אונזער לעצטען מיטינג באשלאסען הערצליך צו באדאנקען פר. מ. ווייך פאר זיין איבערגעגעבענער ארבייט, אלס סעקרעטער פון ברענטש פאר דריי יאר צייט. מיר זיינען שטאלץ מיט דעם, וואס זי איז איצט אין דער נאציאנאלער פארוואלטונג פון אונזער ארדען. אלס אוידרוק פון אנערקענונג האבען מיר אים פרעזענטירט מיט א „לאווינג קאפ“.

ל. ראזענצוויג, רעק. סעק. בר. 150.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 500 א. ר., ביי אונזער מיטינג פון 21־טען אקטאבער, דריקען אויס אונזער טיפסטען דאנק צו אונזער אראנזשמענט קאמיטע: איזידאר קאהען, הערי סווערדלאף, מאקס נאוויק, אייזיק לייבאוויץ, סעם מייזעל, איזידאר זירלין, נייטען ציריך, בעני ציבניק, אייב פינגער, הער געלער, אירווינג האראוויץ, דזשעני מיללער, סעם רובינשטיין און מאקס טערי, וועלכע האבען געמאכט אונזער באל צו אן ערפאלג.

מיט פריינדליכען גרוס,

ד. פרינס, סעקר. בר. 500 א. ר.

---

א דאנק־רעזאלוציע פון בר. 417 א. ר. צום רעקארדינג סעק.

מיר, דער ביעלאצערקאווער בר. 417 א. ר., דריקען אויס אונזערע בעסטע געפילען צו אונזער מיטגליד און פריינד מאררים סאבעל, וועלכער איז ביז איצט געוועזען אונזער רעקארדינג סעקר. פאר די לעצטע 4־5 יאר, וואו ער איז איצט צוליב פערזענליכע סבות געצוואונגען דעם אמט צו פארלאזען.

מיר באדאנקען אים פאר זיין גוטער ארבייט, און עס איז אונזער איינשטימיגער וואונש, אז ער זאל אויך ווייטער קענען פארטזעצען זיין טעטיגקייט אין ברענטש אויף דעם אופן ווי עס וועט זיין פאר אים מעגליך

רעז. קאמ.: סעם פריצקער, סאל. טאטארטשוק.

---

מיר דאנקען הערצליך די אלע ברענטשעס, וועלכע האבען זיך אזוי ווארים אפגערופען אויף דעם אפיל פון בר. 315 פאר א מעמבערשיפ קאמפיין עט לארדזש. אויך דאנקען מיר הערצליך די פריינד פון דער קאמיטע: ד. לאדינסקי, ע. רימאלאוו, מ. שערמאן און ה קאבין פאר זייער ארבייט צו ברענגען צו אן ערפאלג די שטיצע פאר דעם מעמבער עט לארדזש.

פאלגענדע ברענטשעס האבען בייגעשטייערט:

צו 2 דאלאר: בר. 29, 32, 33, 54, 65, 73, 74, 99, 101, 117,

140, 224, 225, 228, 275, 300, 301, 307, 324, 344. 430, 481,
507, 668. צו 1 דאָלאר: 1, 2, 3, 4, 15, 21, 23, 24, 26 27, 30,
36, 37, 38, 39, 42, 45, 47, 48, 52, 53, 61, 62, 72, 75, 80,
84, 87, 94, 106, 107, 108, 125, 238, 133, 135, 138, 139,
140, 144, 152, 154, 161, 162, 165, 173, 174, 185, 187, 195,
200, 205, 210, 212, 220, 237, 244, 268, 271, 276, 280, 286,
288, 290, 292, 297, 304, 312, 314, 329, 322, 323, 345, 352,
361, 370, 375, 384, 397, 410, 416, 421, 423, 443, 450, 451,
461, 475, 496, 500, 505, 519, 531, 535, 546, 547, 552, 557,
566, 571, 575, 577, 579, 587, 589, 594, 598, 623, 624, 632,
667, 659, 702, 704, 709, 712, 716, 717, 723. צו 50 סענט:
בר. 6, 18, 22, 31, 34, 69, 70, 105, 109, 110, 116, 118, 119,
120, 23, 136, 163, 175, 195, 208, 220, 221, 232, 240, 242,
245, 251, 255, 260, 272, 505, 317, 319, 330, 351, 356, 362,
373, 377, 379, 396, 414, 429, 431, 473, 485, 488, 512, 534,
540, 556, 565, 570, 575, 576, 578, 584, 585, 603, 618, 620,
637, 648, 657, 708, 720.
צו 3 דאָלאר: בר. 55, 207, 216, 311, 600, 660, 743. בר.
217, $3.50. בר. 399, $4.00. בר. 169, 75ס. בר. 490, 48ס.
בר. 26, 25ס. צוזאַמען 221 ברענטשעס האָבען געגעבען $229.98.

---

די ליבאַר־ליסעאום אַסס'ן פון בעיאָן, באַשטייענד פון די ברענטשעס 10, 316 און 557, דאַנקט די פאָלגענדע ברענטשעס פאַר זייער אָפּרופען זיך אויף אונזער אַפּיל צו העלפען אונז אויפבויען אונזער ליבאַר־ליסעאום, וואָס איז איצט אַ צירונג פאַר די וואָס האָבען אַזוי פיל געאַרבייט און אויך פאַר די וואָס האָבען בייגעשטייערט, גרוי צו קליין

צו 3 דאל.: בר. 290. 2 דאל.: בר. 3, 7, 59, 62, 99,
198, 206, 486, 678. $1.50: בר. 184. $1,25: בר. 169. 1 דאל.:
בר. 4, 6, 11, 12, 21, 24, 27, 33, 36, 27, 39, 40, 45, 50,
52, 73, 74, 80, 94, 111, 116, 125, 128, 136, 138, 162, 165,
172, 173, 174, 188, 189, 195, 208, 211, 216, 224, 233, 240,
247, 251, 253, 266, 280, 294, 297, 305, 312, 314, 320, 327,
335, 336, 352, 353, 358, 368, 396, 412, 428, 444, 447, 450,
478, 479, 481, 590, 505, 507, 512, 519, 530, 542, 547, 550,
552, 557, 565, 570, 573, 576, 578, 584, 586, 600, 608, 619,
620, 637, 640, 652, 659, 662, 667, 672, 723.

מ. שלאָסמאַן, סעק.־טרעזש.

---

צו דעם אידישען אַרבייטער הילפס־קאָמיטעט:

מיר, די מיטגלידער פון בר. 65 אַ. ר., שיקאַגאָ, פּראָטעסטירען געגען די אויסדרוקען פון אייער פאָרשטייער מרס. באומשטיין, וועלכע, נאָכדעם ווי דער ברענטש האָט באַוויליגט $10 אויף איר אַפּיל פאַר געציג פאַר רוסלאַנד, האָט אנשטאָט באַדאַנקען דעם ברענטש אַלס אַ גאַנצען, האָט בלויז באַדאַנקט די יעניגע וואָס האָבען געשטימט דערפאַר און די געגנער האָט זי באַליידיגט, זאָגענדיג אַז „זיי ווייסען וואָס חזירים זיינען". נאכהער האָט די זעלבע מרס. באומשטיין בייּם האַמלער בר. 497 אָנגערופען אונז „דער שוואַרצער ברענטש". — אַלס פּראָטעסט שיקען מיר די $10 צום דזשענעראַל אָפּיס פון אַ. ר. פאַר'ן „אידגעזקאָם".

בר. 65 אַ. ר. א. לאַשער, סעקר.

ה. טאַקאַרסקי, י. שור, מ. גאָלדשטיין, ב. בערקאָוויטש, קאָמ.

---

## אַן ענטפער פון פריינדין מרס. מ. באומשטיין

ווערטער רעדאַקטאָר פון „פריינד":

מ'האָט מיר איבערגעגעבען, אַז בר. 65 אַ. ר. האָט אָנגענומען געגען מיר אַ פּראָטעסט. איך וויל דאָ ערקלערען, אַז איך האָב אַפילו ניט בדעה געהאַט צו באַלײדיגען דעם בר. 65, וואָס האָט זיך אָפּגערופען זייער וואַרעם אויף מיין אַפּיל. אָבער ווען איין מיטגליד האָט מיר צוגעוואָרפען אַ שמוציגען וואָרט: „דאָס איז בלויז אַ גייע קאָרעטע פאַר עטליכע מענטשען!" — האָב איך אים צוריקגעוואָרפען: — „פון אַ קאָרעטע וויים נאָר אַ חזיר!" וואָס דען האָב איך געקענט ענטפערען אויף אַזאַ „שיינער" באַמערקונג.

אַז איך זאָל האָבען אָנגערופען בר. 65 „דער שוואַרצער ברענטש", קען נאָר געבאָרען ווערען אין דער פאַנטאַזיע פון מענטשען וואָס זיינען ניט פאַראַנטוואָרטליך. איבריגענס האָט דאָך דאָס שוין דער טשערמאַן פון דעם האַמלער ברענטש אָפּגעלייקענט.

מיט אַ. ר. גרוס, מרס. מ. באומשטיין.

---

### שליסען די קאַסע

עס איז אפשר ניט יושר'דיג, אָבער מיר קענען זיך ניט העלפען. ביי אונזער לעצטען מיטינג, דעם 13־טען אָקטאָבער, האָט דער ברענטש באַשלאָסען צומאַכען די קאַסע אויף אַ האַלב יאָר צוליב דעם, וואָס מיר האָבען אַ גרויסע צאָל ערנסט קראַנקע און נויטבעדירפטיגע מיטגלידער, וועלכע מיר מוזען שטיצען.

מיר בעטען דעריבער די ברענטשעס, אַז זיי זאָלען זיך איצט צו אונז נים ווענדען נאָך שטיצע.

א. סאַוויצקי, רעק. סעק. בר. 52 אַ. ר.

---

צוליב די שלעכטע פינאַנציעלע אומשטענדען פון אונזער ברענטש איז ביי אונזער לעצטען מיטינג, דעם 19־טען אָקטאָבער, באַשלאָסען געוואָרען אונזער קאַסע צו שליסען פאַר אירגענד וועלכער שטיצע ביז דעם 1טען יאַנואַר, 1924.

ה. קאַסאָווסקי, פינ. סעק. בר. 26 אַ. ר.

---

## צו אַלע ברענטשעס פון אַרבייטער־רינג

פר. א. ליטווין, דער מחבר פון די „אידישע נשמות", פאָרט איצט אַרום אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלאַך אין אַמעריקע און זעצט פאָרט זיין אַרבייט צו צייכענען אינטערעסאַנטע טיפּען, ווי די וואָס ער האָט שוין פאַרעפענטליכט פון ליטע, פוילען און גאַליציע. ער וועט אויך באַזוכען פאַרשידענע אַ. ר. ברענטשעס, שטודירענדיג זייער אינערליכען גייסטיגען לעבען.

אונזערע ברענטשעס וועלען אויך האָבען אַ געלעגענהייט צו באַנוצען זיך מיט אַ ליטווינס לעקציעס.

זיינע טעמעס זיינען:

1. ווי זאָל דער אַרבייטער ערציען זיינע קינדער?

(ערציאונג און זעלבסט־ערציאונג, אַלס וויכטיגסטע פּראָבלעם אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.)

2. די אידישע מאַסען אין דער אידישער פאָלקסשאַפונג.

(די אידישע פאָלקסליד און פאָלקס־מעשה איז אַן אוצר פאַר דער אידישער געשיכטע און קולטור־געשיכטע. זיי זיינען דער בעסטער מאַטעריאַל צו שטודירען פון זיי דעם אינערליכען לעבען פון דער אידישער מאַסע.)

3. קאָאָפּעראַציע און סאָציאַליזם.

(קאָאָפּעראַציע אַלס וויכטיגסטער עלעמענט אין דעם אַרבייטער־זעלבסט־ערציאונג און שטאַרקע געווער אין דעם אַרבייטערס קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג.)

איר וועט קענען אויף די ערטער דורכקומען מיט אים וועגען פּרייז, וואָס וועט זיין אַ גאַנץ מעסיגער.

די נאַצ. עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון א. ר.

י. ב. ביילין, דירעקטאָר.




מיר באַדויערען דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפען צו אונזער פר. וו. אַלבערט און זיין פרוי, פאַרלירענדיג זייער עלטערע קינד. מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיל מיט זיי.

די עקז. פון דער האַרטפאָרדער אַ. ר. שול.
מ. באַבאַראָף, סעק.

---

מיט טרערען אין די אויגען באַדויערען מיר דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. דזשייקאָב נעמצאָף, וועלכער איז געשטאָרבען פון דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט אין עלטער פון 51 יאָר, דעם 29טען סעפּטעמבער. אויך דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען באַדויערען צו זיין פרוי און קינדער.

מ. יפה, בר. 269, שעבויגען, וויסק.

---

מיר די מיטגלידער פון בר. 519 אַ. ר., דריקען אויס אונזער טיפען טרויער אויף דעם פריצייטיגען טראַגישען טויט פון אונזער פר. אייק קאָטליע, גע'הרג'עט געוואָרען אין עלטער פון 40 יאָר.
מיר דריקען אויס אונזער סימפּאַטיע צו זיין פרוי און פאַמיליע.
ערע זיין אנדענקען!

ל. רובינשטיין, סעק.

---

מיר, מיטגלידער פון בר. 45 אַ. ר., פּיטסבורג, ביי אַ ספּעציעלען מיטינג ווערט באַריכטעט, אַז אונזער באַליבטער פר. וויליאַם שטראָסמאַן איז געשטאָרבען מיט אַ פריצייטיגען טויט. אַלע מיטגלידער שטעלען זיך אויף צו ערען זיין אנדענקען, און אַ טרויער־רעזאָלוציע ווערט געפּאַסט, אַז מיר, אַלע פאַרזאַמעלטע ביי דעם מיטינג, דריקען אויס אונזער טרויער פאַר זיין פאַרלאָשען יונג לעבען, ווי אויך אונזער פולסטע סימפּאַטיע און באַדויערען צו זיין יונגער פרוי און דריי קינדער, וועלכע זיינען געבליבען עלענדע יתומים.

פּ. לייבמאַן, רעק. סעק. בר. 45 אַ. ר.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. דוד עדעלשטאַט 450 אַ. ר., באַדויערען שטאַרק דעם טויט פון דר. א. שעררי, געשטאָרבען דעם 18־טען אָקטאָבער. ניט נאָר איז ער געווען אַ פריינד צו אַלע אָרימע און אונטערדריקטע, אַ דאָקטאָר צו אונז אין אַ צייט פון נויט, נאָר אויך אַ פאַרשפּרייטער פון ליכט, פּראָגרעס און אויפקלערונג. עס איז פאַר לאַנגע יאָרען ניט פאַראיבער איין לעקטשור־סיזאָן, אַז דר. שעררי זאָל אונז ניט באַרייכערען מיט זיינע לעקטשורס. צווישען די גאָר ווייניג אידישע אינטעליגענטע קרעפטען, וואָס עס געפינען זיך דאָ אין דענווער, וועט דער פאַרלוסט פון דר. שעררי אונז זייער אַ סך פעלען.
צוזאַמען מיט אַלע טיילען פון דער באַפעלקערונג דאָ אין דענווער דריקען מיר אויס אונזער טיפסטען טרויער, און ביי יעדען פון אונז איז טיף איינגעקריצט: „ערע זיין אנדענקען“.

י. פּעסקין, סעקר.

---

מיר באַדויערען שטאַרק דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. לעאָן טשאַרנאָוויץ און דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיל און סימפּאַטיע צו זיין פרוי און קינדער.

פּינסקער בר. 210 א. ר. מאַקס קאַהען, סעק.

---

מיט שמערצליכע הערצער און געבויגענע קעפּ שטייען מיר, די מיטגלידער פון בר. 558 אַ. ר. איבער דעם פרישען קבר פון אונזער פריינד און סעקרעטאַר מאָריס ד. אַלפּערט, וועלכער איז פון אונז אַזוי אומערוואַרטעט אַוועקגעריסען געוואָרען. אונזער וואונש און טרייסט צו דער פאַמיליע איז, אַז די צייט זאָל היילען זייערע וואונדען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען דורך אונזער אַלעמענס פאַרלוסט.

עדוואַרד פּ. קאַפּראָוו, ב. גראַדינסקי, רעז. קאָמ.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 45 אַ. ר., פּיטסבורג, דריקען אויס אונזער באַדויערען אויף דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פר. און מיטגליד מאַקס קלעמפּ, און אונזער הייסעסטע סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

בר. 45 אַ. ר. פּ. לייבמאַן, רעק. סעק.

---

מיר באַדויערען זייער דעם אומגליק וואָס האָט געטראָפען אונזערע מיטגלידער מר. און מרס. לוסטיג דורך דעם פאַרלוסט פון זייער עלף־יעריגען זון, און מיר שיקען זיי אונזער טרייסט.

י. י. גרענט, סעק. בר. 287 אַ. ר.

די מיטגלידער פון אונזער ברענטש דריקען אויס זייער טיפסטען טרויער איבער דעם טויט פון פר. ב. גאָלדבערג, מעמבער עט לאַרדזש, וועלכער האָט געוואוינט אין אונזער שטאָט. אונזער הערצליכסטע טרייסט צו זיין פאַמיליע.

י. י. גרענט, סעק. בר. 287 אַ. ר.

---

מיר, די מיטגלידער פון בר. 519 דריקען אויס אונזער טיפסטען באַדויערען און שמערץ צו אונזער פר. מאָריס רובינשטיין אויף דעם פריצייטיגען טויט פון זיין געליבט קינד יצחק. אונזער טרייסט און סימפּאַטיע צו דער גאַנצער פאַמיליע.

ל. רובינשטיין, סעק. בר. 519 אַ. ר.

---

מיט געבויגענע קעפּ און טרויעריגע הערצער באַדויערען מיר דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער פריינדין בערטאַ קאָהען, די פרוי פון אונזער פר. דזשאַ קאָהען. זי איז געשטאָרבען אין עלטער פון 40 יאָר. מיר, די מיטגלידער פון בר. 322, דריקען אויס אונזער הערצליכסטע סימפּאַטיע צו אונזער פריינד און זיין פאַמיליע. מיר ווינשען איבּ ווייטער ניט צו האָבען אַזעלכע טרויעריגע צופאַלען.

קיעלצער בר. 322 אַ. ר.

---

מיר דריקען אויס אונזער טיפסטען באַדויערען פאַר דעם פריצייטיגען טויט פון אונזער אַלעמענס באַליבטען פר. מ. דזשייקאָבס

ס. יאַפּע, רעק. סעק. בר. 558 אַ. ר.

---

מיר באַדויערען דעם פריצייטיגען טויט פון פר. לואיס וויצק מיר דריקען אויך אויס אונזער טיפסטע סימפּאַטיע צו דער פאַמיליע

סאָל. האַנדמאַן, רעק. סעק. בר. 72 אַ. ר.

# אינהאַלט-פאַרצייכנים פון „פריינד" פאַר'ן יאָר 1922